# ספר

# תורה נביאים וכתובים

דאס איזט

# דיא גאנצע הייליגע שריפט

אויפֿס נייע

איבערזעטצט פאן לשון הקודש אויף יודיש־דייטש

פֿאן

## מרדכי שמואל בערגמאנן

געדרוקט אין לאָנדאָן

בשנת תרסד לפ״ק.

1904.



פערלאג 3 ברײדװעל פלעס, ניו ברידזש סטריט, סיטי.

London Depôt 3, Bridewell Place, New Bridge Street, E.C.

# חמשה חומשי תורה

בראשית

שמות ויקרא

במדבר דברים

# בראשית

**אִים אָנְפַאנְג** הָאט גָאט בֶּעשַׁאפֶען
דֶען הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד :
2 אוּנְד דִיא עֶרְד אִיז גֶעוֶועזֶען וִויסְט
אוּנְד לֶעֶר, אוּנְד פִינְסְטֶערְנִים אִיז
גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם אָבְּגְרוּנְד, אוּנְד
דֶער גַייסְט פוּן גָאט הָאט גֶעשְׁוֶועבְּט
אִיבֶּער דֶעם וַואסֶער :
3 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט עֶס זָאל
זַיין לִיכְט, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוָוארֶען לִיכְט :
4 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס לִיכְט
אַז עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען גוּט, אוּנְד גָאט הָאט
גֶעמַאכְט אַ צְוִוישֶׁענְשַׁייד צְוִוישֶׁען דֶעם
לִיכְט אוּנְד צְוִוישֶׁען דֶער פִינְסְטֶערְנִים :
5 אוּנְד גָאט הָאט גֶערוּפֶען דָאס לִיכְט
טָאג, אוּנְד דִיא פִינְסְטֶערְנִים הָאט עֶר גֶע-
רוּפֶען נַאכְט; אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אָבֶענְד
אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען מָארְגֶען אֵיין טָאג :
6 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט עֶס זָאל
זַיין אֵיין אוֹיסְשְׁפְּרֵייטוּנְג אִין מִיטֶען פוּן
דֶעם וַואסֶער, אוּנְד עֶס זָאל זַיין אַ
צְוִוישֶׁענְשַׁייד צְוִוישֶׁען וַואסֶער אוּנְד
וַואסֶער :
7 אוּנְד גָאט הָאט גֶעמַאכְט דִיא אוֹיסְ-
שְׁפְּרֵייטוּנְג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַ
צְוִוישֶׁענְשַׁייד צְוִוישֶׁען דֶעם וַואסֶער וָואס
אִיז אוּנְטֶער דֶער אוֹיסְשְׁפְּרֵייטוּנְג אוּנְד
צְוִוישֶׁען דֶעם וַואסֶער וָואס אִיז אִיבֶּער
דֶער אוֹיסְשְׁפְּרֵייטוּנְג; אוּנְד עֶס אִיז
אַזוֹי גֶעוֶועזֶען :
8 אוּנְד גָאט הָאט גֶערוּפֶען דִיא אוֹיסְ-
שְׁפְּרֵייטוּנְג הִימֶעל; אוּנְד עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען אָבֶענְד אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
מָארְגֶען דֶער צְוֵוייטֶער טָאג :
9 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט אַז דָאס
וַואסֶער זָאל זִיךְ זַאמְעלְן אוּנְטֶער דֶעם
הִימֶעל אִין אֵיין אָרְט אַז דָאס טְרָאקֶענֶע
זָאל גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען, אוּנְד עֶס אִיז
אַזוֹי גֶעוֶועזֶען :
10 אוּנְד גָאט הָאט גֶערוּפֶען דָאס
טְרָאקֶענֶע עֶרְד, אוּנְד דִיא זַאמְלוּנְגֶען
פוּן וַואסֶער הָאט עֶר גֶערוּפֶען יַמִים :
אוּנְד גָאט הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶס אִיז
גוּט :
11 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, דִיא עֶרְד
זָאל לָאזֶען אַרוֹיסוַואקְסֶען גְרִינֶעס, גְרָאז
וָואס מַאכְט זָאמֶען, אַ פְרוּכְטבּוֹים וָואס
גִיבְּט פְרוּכְט נָאךְ זַיינֶע אַרְט, וָואס
זַיין זָאמֶען אִיז אִין אִיהְם אוֹיף דֶער
עֶרְד, אוּנְד עֶס אִיז אַזוֹי גֶעוֶועזֶען :
12 אוּנְד דִיא עֶרְד הָאט אַרוֹיסגֶעבְּרֶענְגְט
גְרִינֶעס גְרָאז וָואס מַאכְט זָאמֶען נָאךְ
זַיינֶע אַרְט, אוּנְד אַ בּוֹים וָואס גִיבְּט
אַרוֹיס פְרוּכְט וָואס זַיין זָאמֶען אִיז נָאךְ
זַיינֶע אַרְט, אוּנְד גָאט הָאט גֶעזֶעהֶען
אַז עֶס אִיז גוּט :
13 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אָבֶענְד אוּנְד עֶס
אִיז גֶעוֶועזֶען מָארְגֶען דֶער דְרִיטֶער טָאג :
14 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט עֶס זָאל
זַיין לִיכְט אִין דֶער אוֹיסְשְׁפְּרֵייטוּנְג פוּן
דֶעם הִימֶעל, צוּ מַאכֶען אַן אוּנְטֶערְשַׁייד
צְוִוישֶׁען דֶעם טָאג אוּנְד צְוִוישֶׁען דֶער
נַאכְט, אוּנְד זַייא זָאלֶען זַיין צוּ צֵייכֶען,
אוּנְד צוּ צֵייטֶען אוּנְד צוּ טֶעג, אוּנְד
צוּ יָאהְרֶען :
15 אוּנְד זַייא זָאלֶען זַיין צוּ לִיכְט אִין
דֶער אוֹיסְשְׁפְּרֵייטוּנְג פוּן דֶעם הִימֶעל,

צו לייכטען אויף דער ערד, אונד עס
איז אזוי געוועזען:
16 אונד גאט האט געמאכט די צוויי
גרויסע ליכט, דאס גרעסערע ליכט
צו געוועלטיגען ביים טאג, אונד דאס
קלענערע ליכט צו געוועלטיגען ביי
נאכט, אונד די שטערען:
17 אונד גאט האט זיי איינגעזעצט
אין דער אויסשפרייטונג פון דעם
הימעל צו לייכטען אויף דער ערד:
18 אונד צו געוועלטיגען ביי טאג
אונד ביי נאכט, אונד צו מאכען א
צווישענשייד צווישען דעם ליכט אונד
צווישען דער פינסטערניס, אונד גאט
האט געזעהען אז עס איז געוועזען גוט:
19 אונד עס איז געוועזען אבענד אונד
עס איז געוועזען מארגען דער פירטער
טאג:
20 אונד גאט האט געזאגט, די וואַ-
סער זאלען ווידמען א ווידמונג פון
לעבעדיגע נפשות, אונד פייגעל זאלען
פליהען איבער די ערד, אונטער דער
אויסשפרייטונג פון דעם הימעל:
21 אונד גאט האט בעשאפען די
גרויסע וואלפיש, אונד אלע לעבעדיגע
נפשות וואס קריכען, וואס די וואסער
האבען געווידמעט נאך זייער ארט, אונד
אלע פייגעל וואס האבען פליגעל נאך
זייער ארט, אונד גאט האט געזעהען
אז עס איז געוועזען גוט:
22 אונד גאט האט זיי געבענשט,
אונד געזאגט זייט פרוכטבאר אונד
פערמעהרט אייך, אונד פילט אן די
וואסער אונד די ימים, אונד די פייגעל
זאלען זיך פערמעהרען אויף דער ערד:
23 אונד עס איז געוועזען אבענד,
אונד עס איז געוועזען מארגען דער
פינפטער טאג:
24 אונד גאט האט געזאגט די ערד
זאל ארויסגעבען לעבעדיגע נפשות, נאך
זייער ארט, בהמות אונד קריכענדעס
אונד לאנד חיות נאך זייער ארט, אונד
עס איז אזוי געוועזען:
25 אונד גאט האט געמאכט די לאנד
חיות נאך זייער ארט, אונד אלעס
קריכענדע פון דער ערד נאך זייער
ארט, אונד גאט האט געזעהען אז עס
איז געוועזען גוט:
26 אונד גאט האט געזאגט לאמער
מאכען מענשען אין אונזער בילד, נאך
אונזער גלייכניס, אונד זיי זאלען גע-
וועלטיגען איבער די פיש פון דעם
ים, אונד איבער די פייגעל פון דעם
הימעל, אונד איבער די בהמות אונד
איבער דער גאנצער ערד, אונד איבער
אלעס קריכענדע וואס קריכט אויף
דער ערד:
27 אונד גאט האט בעשאפען דעם
מענש אין זיין בילד, אין דעם בילד
פון גאט האט ער איהם בעשאפען,
א זכר אונד א נקבה האט ער זיי
בעשאפען:
28 אונד גאט האט זיי געבענשט,
אונד גאט האט צו זיי געזאגט, זייט
פרוכטבאר אונד פערמעהרט אייך, אונד
פילט אן די ערד אונד בעצווינגט זיא,
אונד געוועלטיגט איבער די פיש אים
ים, אונד איבער די פייגעל פון דעם
הימעל, אונד איבער אלעס לעבעדיגע
וואס קריכט אויף דער ערד:
29 אונד גאט האט געזאגט, זעהט,
איך האב צו אייך געגעבען דאס גאנצע
גראז וואס האט זאמען, וואס איז אויף
דער גאנצען ערד; אונד יעדען בוים

אויף װעלכֶען איז פְּרוּכְט פוּן אַ בּוים װאס הָאט זָאמֶען, צוּ אֵייךְ זָאל עֶס זַיין צוּ עֶסֶען׃

30 אוּנְד צוּ אַלֶע חַיות פוּן דֶער עֶרְד אוּנְד צוּ אַלֶע פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד צוּ אַלֶעם װאס קְרִיכְט אויף דֶער עֶרְד, אִין יֶעדֶען װאס אִיז אַ לֶעבֶּעדִיגֶע זֶעלֶע, הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען אַלֶעס גְרִינֶע גְרָאז צוּ עֶסֶען, אוּנְד עֶס אִיז אַזוֹי גֶעװעזֶען׃

31 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזֶעהֶען אַלֶעס װאס עֶר הָאט גֶעמַאכְט, אוּנְד עֶס אִיז גֶעװעזֶען זֵייעֶר גוּט, אוּנְד עֶס אִיז גֶעװעזֶען אָבֶענְד אוּנְד עֶס אִיז גֶעװעזֶען מָארְגֶען דֶער זֶעקְסְטֶער טָאג׃

## קאפּיטעל ב

א אוּנְד עֶס זֶענֶען פוּלֶענְט (פַּארְטִיג) גֶעװָארֶען דִיא הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד אוּנְד אַלֶע זֵייעֶרֶע הֶערְשָׁאפְטֶען׃

2 אוּנְד גָאט הָאט פוּלֶענְט אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג זֵיינֶע אַרְבֵּייט װאס עֶר הָאט גֶעמַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּהְט אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג פוּן אַלֶע זֵיינֶע אַרְבֵּייט װאס עֶר הָאט גֶעמַאכְט׃

3 אוּנְד גָאט הָאט גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעהֵיילִיגְט, דֶען אִין אִיהְם הָאט עֶר גֶערוּהְט פוּן אַלֶע זֵיינֶע אַרְבֵּייט װאס גָאט הָאט בֶּעשַׁאפֶען צוּ מַאכֶען׃

4 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעבּוּרְט פוּן דֶעם הִימֶעל אוּנְד פוּן דִיא עֶרְד װען זֵייא זֶענֶען בֶּעשַׁאפֶען גֶעװָארֶען, אִין דֶעם טָאג אַז דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעמַאכְט דִיא עֶרְד אוּנְד דִיא הִימֶעל׃

5 אוּנְד אַלֶע שְׁפְּרָאצוּנְג פוּן דֶעם פֶעלְד אֵיידֶער עֶס אִיז נָאךְ גֶעװעזֶען אִין דֶער עֶרְד, אוּנְד אַלֶעס גְרָאז פוּן דֶעם פֶעלְד אֵיידֶער עֶס הָאט אויסְגֶעשְׁפְּרָאצְט, דֶען דֶער הַאר גָאט הָאט נָאךְ נִיט גֶעלָאסְט רֶעגֶענֶען אויף דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶעװעזֶען קֵיין מֶענְשׁ דִיא עֶרְד צוּ בֶּעאַרְבֵּייטֶען׃

6 אוּנְד אַ װָאלְקֶען אִיז אויפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער עֶרְד אוּנְד הָאט אָנְגֶעטְרוּנְקֶען דִיא גַאנְצֶע עֶרְד׃

7 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט דֶעם מֶענְשֶׁען בֶּעשַׁאפֶען פוּן שְׁטוֹיבּ פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶר הָאט אַרֵיין גֶעבְּלָאזֶען אִין זֵיינֶע נָאזלֶעכֶער אֵיינֶע לֶעבֶּעדִיגֶע נְשָׁמָה, אוּנְד דֶער מֶענְשׁ אִיז גֶעװָארֶען צוּ אֵיינֶע לֶעבֶּעדִיגֶע זֶעלֶע׃

8 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעפְלַאנְצְט אֵיין גָארְטֶען אִין עֵדֶן פוּן דֶער מִזְרָח־זֵייט, אוּנְד עֶר הָאט דָארְטֶען אַרֵיין גֶעזֶעצְט דֶעם מֶענְשֶׁען װָאס עֶר הָאט בֶּעשַׁאפֶען׃

9 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעלָאסְט אַרוֹיס שְׁפְּרָאצֶען פוּן דֶער עֶרְד יֶעדֶען בּוים װָאס אִיז גְלוּסְטִיג אָן צוּ זֶעהֶען אוּנְד גוּט צוּ עֶסֶען, אוּנְד דֶעם בּוים פוּן לֶעבֶּען אִין מִיטֶען פוּן דֶעם גָארְטֶען, אוּנְד דֶער בּוים צוּ דֶערְקֶענֶען גוּטֶעס אוּנְד בֵּייזֶעס׃

10 אוּנְד אֵיין טֵייךְ אִיז אַרוֹיס־גֶעגַאנְגֶען פוּן עֵדֶן אָן צוּ טְרִינְקֶען דֶעם גָארְטֶען, אוּנְד פוּן דָארְטֶען אִיז עֶר אָבְּגֶעטֵיילְט גֶעװָארֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעװָארֶען צוּ פִיר הויפְּט טֵייכֶען׃

11 דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם אֵיינֶען אִיז פִּישׁוֹן, דֶער װָאס רִינְגֶעלְט אַרוּם דָאס גַאנְצֶע לַאנְד חֲוִילָה, דָארְטֶען װאוּ דָאס גָאלְד אִיז׃

12 אוּנְד דָאס גָאלְד פוּן דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד אִיז גוּט, דָארְטֶען אִיז דֶער קְרִיסְטָאל, אוּנְד דֶער אָנִיקְס שְׁטֵיין׃

13 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען טַייךְ אִיז גִיחוֹן, דֶער וָואס רִינְגֶעלְט אַרוּם דָאס גַאנְצֶע לַאנְד פוּן כּוּשׁ׃

14 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם דְרִיטֶען טַייךְ אִיז חִידֶקֶל, דֶער וָואס גֵייט צוּ דֶער מִזְרָח־זַייט פוּן אַשּׁוּר, אוּנְד דֶער פִירְטֶער טַייךְ אִיז פְּרָת׃

15 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט גֶענוּמֶען דֶעם מֶענְשֶׁען אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַרַיין גֶעזֶעצְט אִין דֶעם גָארְטֶען פוּן עֵדֶן אִיהְם צוּ בֶּעאַרְבֵּייטֶען אוּנְד אִיהְם צוּ הִיטֶען׃

16 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֶענְשֶׁען אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פוּן יֶעדֶעם בּוֹים פוּן דֶעם גָארְטֶען מֶעגְסְט דוּא עֶסֶען׃

17 אָבֶּער פוּן דֶעם בּוֹים צוּ דֶערְקֶענֶען גוּטֶעס אוּנְד בֵּייזֶעס זָאלְסְטוּ נִיט עֶסֶען דֶער פוּן, דֶען אִין דֶעם טָאג אַז דוּא וֶועסְט פוּן אִיהְם עֶסֶען וֶועסְטוּ דֶעם טוֹיט שְׁטַארְבֶּען׃

18 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נִיט גוּט אַז דֶער מֶענְשׁ זָאל אַלֵיין זַיין, אִיךְ וֶועל מַאכֶען פַאר אִיהְם אַיין הִילְף גֶעגֶען אִיהְם׃

19 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט בֶּעשַׁאפֶען פוּן דֶער עֶרְד אַלֶע חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד אַלֶע פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם מֶענְשֶׁען צוּ זֶעהֶען וָואס עֶר וֶועט זֵייא רוּפֶען, אוּנְד אַלֶעס וָואס דֶער מֶענְשׁ וֶועט רוּפֶען צוּ אַיינֶע לֶעבֶּעדִיגֶע זֶעלֶע, דָאס זָאל זַיין זַיין נָאמֶען׃

20 אוּנְד דֶער מֶענְשׁ הָאט גֶערוּפֶען נֶעמֶען צוּ אַלֶע בְּהֵמוֹת אוּנְד צוּ דִיא פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד צוּ אַלֶע חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד, אָבֶּער צוּ דֶעם מֶענְשׁ הָאט עֶר נִיט גֶעפוּנֶען קֵיין הִילְף גֶעגֶען אִיהְם׃

21 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעמַאכְט פַאלֶען אוֹיף דֶעם מֶענְשֶׁען אַ טִיפֶען שְׁלָאף, אוּנְד עֶר אִיז אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען אֵיינֶע פוּן זַיינֶע רִיפֶען, אוּנְד עֶר הָאט אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען פְלֵייש אַן אִיהְר פְּלַאץ׃

22 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעבּוֹיט דִיא רִיפֶּע וָואס עֶר הָאט גֶענוּמֶען פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען צוּ אֵיין וַוייבּ, אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם מֶענְשֶׁען׃

23 אוּנְד דֶער מֶענְשׁ הָאט גֶעזָאגְט, דִיזֶעס מָאל אִיז עֶס אַ בֵּיין פוּן מֵיינֶע בֵּיינֶער, אוּנְד פְלֵייש פוּן מֵיינֶעם פְלֵייש, דָארִיבֶּער זָאל זִיא גֶערוּפֶען וֶוערֶען פְרוֹיא (אִשָּׁה), וַוייל דִיא דָאזִיגֶע אִיז גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם מַאן (אִישׁ)׃

24 דָארוּם זָאל דֶער מַאן פֶערְלָאזֶען זַיין פָאטֶער אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד עֶר זָאל זִיךְ בֶּעהֶעפְטֶען צוּ זַיין וַוייבּ אוּנְד זֵייא זָאלֶען וֶוערֶען צוּ אֵיין פְלֵייש׃

25 אוּנְד זֵייא זֶענֶען בֵּיידֶע נַאקֶעט גֶעוֶועזֶען, דֶער מַאן אוּנְד זַיין וַוייבּ אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעשֶׁעמְט׃

## קאפיטעל ג

א אוּנְד דִיא שְׁלַאנְג אִיז גֶעוֶועזֶען שַׁאלְקְהַאפְטִיגֶער פוּן אַלֶע חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד וָואס דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעמַאכְט, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם וַוייבּ, הָאט דֶען גָאט גֶעזָאגְט אַז אִיהְר זָאלְט נִיט עֶסֶען פוּן אַלֶע בֵּיימֶער פוּן דֶעם גָארְטֶען?

2 אוּנְד דָאס וַוייבּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶער שְׁלַאנְג, פוּן דִיא פְרוּכְט פוּן דִיא בֵּיימֶער פוּן דֶעם גָארְטֶען מֶעגֶען מִיר

עֶסֶען:

3 אָבֶער פוּן דִיא פִּירוֹת פוּן דֶעם בוים וָואס אִיז אִין מִיטֶען פוּן דֶעם גָארְטֶען הָאט גָאט גֶעזָאגְט, פוּן אִיהְם זָאלְט אִיהְר נִיט עֶסֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אִיהְם נִיט אָנְרִירֶען, אַז אִיהְר זָאלְט שְׁטַארְבֶּען:

4 אוּנְד דִיא שְׁלַאנְג הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם ווייב, אִיהְר וֶועט נִיט דֶעם טוֹיט שְׁטַארְבֶּען:

5 נֵייעֶרְט גָאט ווייס אַז אִין דֶעם טָאג וֶוען אִיהְר וֶועט פוּן אִיהְם עֶסֶען, אַזוֹי וֶועלֶען אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען גֶעעֶפֶענְט וֶוערֶען אוּנְד אִיהְר וֶועט זַיין גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט צוּ דֶערְקֶענֶען גוּטֶעס אוּנְד בֵּייזֶעס:

6 אוּנְד דָאס ווייב הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דֶער בוים אִיז גוּט צוּ עֶסֶען, אוּנְד אַז עֶר אִיז אֵיינֶע גְלוּסְטִיגְקֵייט צוּ דִיא אוֹיגֶען, אוּנְד אֵיין גְלוּסְטִיגֶער בוים ווייל עֶר מַאכְט קְלוּג, אוּנְד זִיא הָאט גֶענוּמֶען פוּן זַיינֶע פְּרוּכְט אוּנְד זִיא הָאט גֶעגֶעסֶען, אוּנְד זִיא הָאט אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ אִיהְר מַאן מִיט אִיהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעסֶען:

7 אוּנְד דִיא אוֹיגֶען פוּן זֵייא בֵּיידֶע זֶענֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶערְקֶענְט אַז זֵייא זֶענֶען נַאקֶעט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּזַאמֶען גֶענֵייט בְּלֶעטֶער פוּן אַ פֵייגֶען בוים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט גַארְטְלֶען:

8 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן דֶעם הַאר גָאט אִיז אַרוּם־גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם גָארְטֶען צוּ דֶעם ווינְד פוּן דֶעם טָאג, אוּנְד דֶער מֶענְשׁ אוּנְד זַיין ווייב הָאבֶּען זִיךְ פַארְבָּארְגֶען פַאר דֶעם הַאר גָאט צְווישֶׁען דִיא בֵּיימֶער פוּן דֶעם גָארְטֶען:

9 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט גֶערוּפֶען צוּ אָדָם, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וְואוּ בִּיסְטוּ?

10 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט. אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דַיין קוֹל אִין דֶעם גָארְטֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, ווייל אִיךְ בִּין נַאקֶעט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ פַארְבָּארְגֶען:

11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט דִיר גֶעזָאגְט אַז דוּא בִּיסְט נַאקֶעט, הָאסְטוּ גֶעגֶעסֶען פוּן דֶעם בוים וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר פֶערְזָאגְט אַז דוּא זָאלְסְט נִיט עֶסֶען פוּן אִיהְם?

12 אוּנְד דֶער מֶענְשׁ הָאט גֶעזָאגְט, דָאס ווייב וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען זִיא הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען פוּן דֶעם בוים, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעסֶען:

13 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם ווייב, וָואס אִיז דָאס וָואס דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן? אוּנְד דָאס ווייב הָאט גֶעזָאגְט, דִיא שְׁלַאנְג הָאט מִיךְ אָנְגֶערֶעט אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעסֶען:

14 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא שְׁלַאנְג, ווייל דוּא הָאסְט דָאס גֶעטְהוּן, פֶערְפְלוּכְט בִּיסְטוּ פוּן אַלֶע בְּהֵמוֹת אוּנְד פוּן אַלֶע חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד, אוֹיף דַיין בוֹיךְ זָאלְסְטוּ גֵיין אוּנְד שְׁטוֹיבּ זָאלְסְטוּ עֶסֶען אַלֶע טֶעג פוּן דַיין לֶעבֶּען.

15 אוּנְד אֵיינֶע פֵיינְדְשַׁאפְט וֶועל אִיךְ טְהוּן צְווישֶׁען דִיר אוּנְד צְווישֶׁען דֶעם ווייבּ, אוּנְד צְווישֶׁען דַיינֶען זָאמֶען אוּנְד צְווישֶׁען אִיהְרֶען זָאמֶען, עֶר זָאל דִיר צוּטְרֶעטֶען דֶעם קָאפְּף, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם צוּשְׁטֶעכֶען דִיא פֶערְשְׁט (טְרִיט):

16 צוּ דֶעם ווייבּ הָאט עֶר גֶעזָאגְט, מֶערֶען וֶועל אִיךְ מֶערֶען דַיינֶע ווייטָאג

אוּנְד

אוּנְד דַיין טְרָאגֶען, מִיט וֶוייטָאג זָאלְ־
סְטוּ קִינְדֶער גֶעוִוינֶען, אוּנְד צוּ דַיין
מַאן זָאל זַיין דַיין גְלוּסְטֶען, אוּנְד עֶר
זָאל אִיבֶּער דִיר גֶעוֶועלְטִיגֶען ׃
17 אוּנְד צוּ אָדָם הָאט עֶר
גֶעזָאגְט, וֶוייל דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט
צוּ דֶער שְׁטִים פוּן דַיין וַוייבּ, אוּנְד דוּא
הָאסְט גֶעגֶעסֶען פוּן דֶעם בּוֹים וָואס
אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען צוּ זָאגֶען,
דוּא זָאלְסְט נִיט פוּן אִיהְם עֶסֶען,
פֶערְפְלוּכְט אִיז דִיא עֶרְד פוּן דַיינֶעטְ
וֶועגֶען, מִיט וֶוייטָאג זָאלְסְטוּ עֶסֶען
דֶערְפוּן אַלֶע טֶעג פוּן דַיין לֶעבֶּען ׃
18 אוּנְד דֶערְנֶער אוּנְד דִיסְטְלֶען
זָאל זִיא דִיר מַאכֶען שְׁפְּרָאצֶען, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט עֶסֶען דָאס גְרָאז פוּן דֶעם
פֶעלְד ׃
19 מִיט שְׁוֶוייס פוּן דַיין אָנְגֶעזִיכְט
זָאלְסְטוּ בְּרוֹיט עֶסֶען בִּיז דוּא וֶועסְט
צוּרִיק קֶערֶען צוּ דֶער עֶרְד, דֶער
וֶוייל דוּא בִּיסְט פוּן אִיהְר גֶענוּמֶען
גֶעוָוארֶען, דֶען דוּא בִּיסְט שְׁטוֹיבּ אוּנְד
צוּ דֶעם שְׁטוֹיבּ זָאלְסְטוּ צוּרִיק קֶערֶען ׃
20 אוּנְד דֶער מֶענְשׁ הָאט גֶערוּפֶען
דֶעם נָאמֶען פוּן זַיין וַוייבּ חַוָּה, וֶוייל
זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא מוּטֶער פוּן אַלֶע
לֶעבֶּעדִיגֶע ׃
21 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעמַאכְט
צוּ דֶעם אָדָם אוּנְד זַיין וַוייבּ הֶעמְדֶער
פוּן פֶעל, אוּנְד עֶר הָאט זַייא
אָנְגֶעקְלֵיידֶעט ׃
22 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעזָאגְט,
נוּן אִיז דֶער מֶענְשׁ גֶעוָוארֶען גְלֵייךְ
אַזוֹי וִויא אֵיינֶער פוּן אוּנְס, צוּ
דֶערְקֶענֶען גוּטֶעס אוּנְד בֵּייזֶעס,
אוּנְד יֶעצְט פִילֵייכְט וֶועט עֶר אוֹיס־
שְׁטְרֶעקֶען זַיינֶע הַאנְד אוּנְד עֶר וֶועט
אוֹיךְ גֶעמֶען פוּן דֶעם בּוֹים פוּן לֶעבֶּען,
אוּנְד עֶר וֶועט עֶסֶען אוּנְד עֶר וֶועט
לֶעבֶּען אוֹיף אֵייבִּיג ׃
23 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט אִיהְם
אַרוֹיס גֶעשִׁיקְט פוּן דֶעם גָארְטֶען פוּן
עֵדֶן דִיא עֶרְד צוּ בֶּעאַרְבֵּייטֶען, פוּן וַואנֶען
עֶר אִיז גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען ׃
24 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְטְרִיבֶּען דֶעם
מֶענְשֶׁען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט
רוּהֶען דִיא כְּרוּבִים פוּן דֶער מִזְרָח
זַייט פוּן דֶעם גָארְטֶען פוּן עֵדֶן, אוּנְד
דִיא קְלִינְג פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד וָואס
אַרוּמְקֶערְט זִיךְ צוּ הִיטֶען דֶעם וֶועג
צוּ דֶעם בּוֹים פוּן לֶעבֶּען ׃

## קאפיטעל ד

א אוּנְד דֶער מֶענְשׁ הָאט עֶרְקֶענְט זַיין
וַוייבּ חַוָּה, אוּנְד זִיא אִיז טְרָאגֶעדִיג
גֶעוָוארֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען
דֶעם קַיִן, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ
הָאבּ עֶרְוָוארְבֶּען אֵיין מַאן מִיט גָאט ׃
2 אוּנְד זִיא הָאט גֶעמֶעהְרְט צוּ גֶעוִוי־
נֶען זַיין בְּרוּדֶער הֶבֶל, אוּנְד הֶבֶל אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ פַּאסְטוּךְ פוּן שָׁאף, אוּנְד
קַיִן אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין עֶרְד אַרְבֵּייטֶער ׃
3 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶעם
עֶנְד פוּן טֶעג אַזוֹי הָאט קַיִן גֶעבְּרַאכְט
פוּן דִיא פֵּירוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד אַ
מִנְחָה (אָפְּפֶער) צוּ גָאט ׃
4 אוּנְד הֶבֶל, עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעבְּרַאכְט
פוּן דִיא עֶרְשְׁטגֶעבָּארֶענֶע פוּן זַיינֶע
שָׁאף אוּנְד פוּן זֵיירֶע פֶעטִיגְקֵייטֶען, אוּנְד
דֶער הַאר גָאט הָאט זִיךְ גֶעקֶערְט צוּ
הֶבֶל אוּנְד צוּ זַיינֶע מִנְחָה ׃
5 אָבֶּער צוּ קַיִן אוּנְד צוּ זַיינֶע מִנְחָה
הָאט עֶר זִיךְ נִיט גֶעקֶערְט, אוּנְד קַיִן
אִיז גֶעוָוארֶען זֵייעֶר עֶרְצֶערֶענְט, אוּנְד
זַיין אָנְגֶעזִיכְט אִיז אָפְּגֶעפַאלֶען ׃

6 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ קַיִן, וָוארוּם בִּיסְטוּ עֶרְצֶערְנְט, אוּנְד פַאר וָואס אִיז דַיין אָנְגֶעזִיכְט אָפְּגֶעפַאלֶען׃

7 אִיז עֶס נִיט אַזוֹי, אוֹיבּ דוּא וֶועסְט גוּטֶעס טְהוּן, אִיז דִיא פַארְגֶעבּוּנְג דָא, אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט גוּטֶעס טְהוּן, אַזוֹי לִיגְט דִיא זִינְד פַאר דֶער טִיר, אוּנְד זַיין גְלִיסְטֶען וֶועט זַיין צוּ דִיר, אָבֶּער דוּא זָאלְסְט גֶעוֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער אִיהְר׃

8 אוּנְד קַיִן הָאט גֶעזָאגְט צוּ הֶבֶל זַיין בְּרוּדֶער־־אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז זַייא זֶענֶען אִין דֶעם פֶעלְד גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי אִיז קַיִן אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען גֶעגֶען הֶבֶל זַיין בְּרוּדֶער, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעטוֹיטֶעט׃

9 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ קַיִן, וְואוּ אִיז הֶבֶל דַיין בְּרוּדֶער? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ ווַייס נִיט, בִּין אִיךְ דֶען דֶער הִיטֶער פוּן מַיינֶעם בְּרוּדֶער?

10 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס הָאסְטוּ גֶעטְהוּן, דָאס קוֹל פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דַיינֶעם בְּרוּדֶער שְׁרַייט צוּ מִיר פוּן דֶער עֶרְד׃

11 אוּנְד יֶעצְט פֶערְפְלוּכְט בִּיסְטוּ מֶעהְר פוּן דִיא עֶרְד וָואס הָאט גֶעעֶפֶענְט אִיהְר מוֹיל אַרַיין צוּ נֶעמֶען פוּן דַיין הַאנְד דָאס בְּלוּט פוּן דַיינֶעם בְּרוּדֶער׃

12 וֶוען דוּא וֶועסְט בֶּעאַרְבַּייטֶען דִיא עֶרְד, וֶועט זִיא דִיר נִיט מֶעהְר גֶעבֶּען אִיהְרֶע קְרַאפְט, אוּמְרוּהִיג אוּנְד פֶערְוָואגֶעלְט (נָע וָנָד), זָאלְסְטוּ זַיין אוֹיף דֶער עֶרְד׃

13 אוּנְד קַיִן הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט, מַיינֶע זִינְד אִיז צוּ גְרוֹיס צוּ עֶרְטְרָאגֶען׃

14 נוּן דוּא הָאסְט מִיךְ הַיינְט פֶערְטְרִיבֶּען פוּן אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנְד אִיךְ וֶועל פוּן דַיין אָנְגֶעזִיכְט פֶערְבָּארְגֶען וֶוערֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַיין אוּמְרוּהִיג אוּנְד פַארְוָואגֶעלְט אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, אַז יֶעדֶערֶער וָואס וֶועט מִיךְ גֶעפִינֶען וֶועט מִיךְ טוֹיט שְׁלָאגֶען׃

15 אוּנְד גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דָארוּם דֶערְיֶענִיגֶער וָואס וֶועט קַיִן טוֹיט שְׁלָאגֶען, זָאל זִיבֶּען מָאהְל גֶערֶעכְנֶעט וֶוערֶען, אוּנְד גָאט הָאט גֶעמַאכְט אַיין צַייכֶען צוּ קַיִן אַז יֶעדֶערֶער וָואס וֶועט אִיהְם גֶעפִינֶען זָאל אִיהְם נִיט טוֹיט שְׁלָאגֶען׃

16 אוּנְד קַיִן אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן פַאר גָאט, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין דֶעם לַאנְד נוֹד, אִין דֶער מִזְרָח זַייט פוּן עֵדֶן׃

17 אוּנְד קַיִן הָאט עֶרְקֶענְט זַיין ווַייבּ, אוּנְד זִיא אִיז טְרָאגֶעדִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם חֲנוֹךְ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹיעֶט אַיינֶע שְׁטָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דִיא שְׁטָאט אַזוֹי וִויא דֶער נָאמֶען פוּן זַיין זוּהְן חֲנוֹךְ׃

18 אוּנְד צוּ חֲנוֹךְ אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען דֶער עִירָד, אוּנְד עִירָד הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם מְחוּיָאֵל, אוּנְד מְחוּיָאֵל הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם מְתוּשָׁאֵל, אוּנְד מְתוּשָׁאֵל הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם לָמֶךְ׃

19 אוּנְד לֶמֶךְ הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען צְווַייא ווַייבֶּער, דֶער נָאמֶען פוּן אַיינֶער אִיז גֶעוֶועזֶען עָדָה אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶער אַנְדֶערֶער אִיז גֶעוֶועזֶען צִלָּה׃

20 אוּנְד עָדָה הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם יָבָל, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוָוארֶען דֶער פָאטֶער פוּן דֶעם וָואס זִיצְט אִין

גֶעצֶעלְטֶען, אוּנְד וָואס הָאט פִּיה:
21 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זֵיין בְּרוּדֶער
אִיז גֶעוֶועזֶען יוּבָל, דֶער אִיז גֶעוָוארֶען
דֶער פָאטֶער פוּן אַלֶע וָואס בֶּעגְרֵייפֶען
הַארְפֶען אוּנְד שְׁפִּילֶען פִידֶעלְן:
22 אוּנְד צִלָה, אוֹיךְ זִיא הָאט גֶעבּוֹיר־
רֶען דֶעם תּוּבַל קַיִן, וָואס הָאט גֶע־
שַׁארְפְט אַלֶע וֶוערְקְצֵייג פוּן קוּפֶּער
אוּנְד פוּן אֵייזֶען, אוּנְד דִיא שְׁוֶועסְטֶער
פוּן תּוּבַל קַיִן אִיז גֶעוֶועזֶען נַעֲמָה:
23 אוּנְד לֶמֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע
וֵוייבֶּער, עָדָה אוּנְד צִילָה, הֶערְט צוּ
מֵיין קוֹל אִיהְר וֵוייבֶּער פוּן לֶמֶךְ, פֶערְ־
נֶעמְט מֵיין זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ אֵיין מֶענְשׁ
דֶערְשְׁלָאגֶען צוּ מֵיין וְואוּנְד אוּנְד אֵיין
קִינְד צוּ מֵיין בֵּייל:
24 דֶען קַיִן זָאל גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען
זִיבֶּען מָאל, אָבֶּער לֶמֶךְ זִיבֶּען אוּנְד
זִיבֶּעצִיג מָאל:
25 אוּנְד אָדָם הָאט ווִידֶער עֶרְקֶענְט
זֵיין וַוייבּ, אוּנְד זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען אַ
זוּהְן, אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען זֵיין
נָאמֶען שֵׁת, וֵוייל גָאט הָאט צוּ
מִיר גֶעגֶעבֶּען אֵיין אַנְדֶערֶען זָאמֶען
אָנְשְׁטָאט הֶבֶל, דֶען קַיִן הָאט אִיהְם
טוֹיט גֶעשְׁלָאגֶען:
26 אוּנְד צוּ שֵׁת אִיז אוֹיךְ אֵיין זוּהְן
גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט
גֶערוּפֶען זֵיין נָאמֶען אֱנוֹשׁ, דַאמָאלְסְט
הָאט מֶען אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ רוּפֶען אָן
דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט:

## קאפיטעל ה

א דָאס אִיז דָאס בּוּךְ פוּן דֶער גֶע־
בּוּרְט פוּן אָדָם, אִין דֶעם טָאג אַז גָאט
הָאט בֶּעשַׁאפֶען דֶעם אָדָם, אִין דֶער
גֶעשְׁטַאלְט פוּן גָאט הָאט עֶר אִיהְם
גֶעמַאכְט:
2 אַ זָכָר אוּנְד אַ נְקֵבָה הָאט עֶר זֵייא
בֶּעשַׁאפֶען, אוּנְר הָאט גֶערוּפֶען זֵייעֶרע
נֶעמֶען אָדָם (מֶענְשׁ), אִין דֶעם טָאג אַז
זֵייא זֶענֶען בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען:
3 אוּנְד אָדָם הָאט גֶעלֶעבְּט הוּנְדֶערְט
אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעבּוֹירֶען (אַ זוּהְן) אִין זֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט
אוּנְד אַזוֹי וִויא זֵיין פָּארֶעם, אוּנְד עֶר
הָאט גֶערוּפֶען זֵיין נָאמֶען שֵׁת:
4 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא טֶעג
פוּן אָדָם נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹי־
רֶען דֶעם שֵׁת אַכְט הוּנְדֶערְט יָאהְר,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיהְן אוּנְד
טֶעכְטֶער:
5 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַלֶע טֶעג
פוּן אָדָם וָואס עֶר הָאט גֶעלֶעבְּט, נֵיין
הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר, אוּנְד
עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען:
6 אוּנְד שֵׁת הָאט גֶעלֶעבְּט הוּנְדֶערְט
אוּנְד פִינֶעף יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעבּוֹירֶען דֶעם אֱנוֹשׁ:
7 אוּנְד שֵׁת הָאט גֶעלֶעבְּט נָאכְדֶעם
אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם אֱנוֹשׁ, אַכְט
הוּנְדֶערְט אוּנְד זִיבֶּען יָאהְר, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער:
8 אוּנְד אַלֶע טֶעג פוּן שֵׁת זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען נֵיין הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוֶועלֶעף
יָאהְר, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען:
9 אוּנְד אֱנוֹשׁ הָאט גֶעלֶעבְּט נֵיינְצִיג
יָאהְר אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם
קֵינָן:
10 אוּנְד אֱנוֹשׁ הָאט גֶעלֶעבְּט נָאךְ
דֶעם אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶען קֵינָן
אַכְט הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצֶען יָאהְר,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיהְן אוּנְד
טֶעכְטֶער:
11 אוּנְד אַלֶע טֶעג פוּן אֱנוֹשׁ זֶענֶען

גֶעוֶועזֶען נַיין הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף יָאהְר,
אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען ׃
12 אוּנְד קֵינָן הָאט גֶעלֶעבְּט זִיבְּעצִיג
יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם
מַהֲלַלְאֵל ׃
13 אוּנְד קֵינָן הָאט גֶעלֶעבְּט נָאכְדֶעם
אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם מַהֲלַלְאֵל
אַכְט הוּנְדֶערְט אוּנְד פֶערְצִיג יָאהְר,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיהְן אוּנְד
טֶעכְטֶער ׃
14 אוּנְד אַלֶע טֶעג פוּן קֵינָן זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען נַיין הוּנְדֶערְט אוּנְד צֶעהְן
יָאהְר, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען ׃
15 אוּנְד מַהֲלַלְאֵל הָאט גֶעלֶעבְּט פִינְף
אוּנְד זֶעכְצִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעבּוֹירֶען דֶעם יֶרֶד ׃
16 אוּנְד מַהֲלַלְאֵל הָאט גֶעלֶעבְּט נָאךְ
דֶעם אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם יֶרֶד
אַכְט הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיהְן אוּנְד
טֶעכְטֶער ׃
17 אוּנְד אַלֶע טֶעג פוּן מַהֲלַלְאֵל זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אַכְט הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף אוּנְד
נַיינְצִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען ׃
18 אוּנְד יֶרֶד הָאט גֶעלֶעבְּט הוּנְדֶערְט
אוּנְד צְוֵויא אוּנְד זֶעכְצִיג יָאהְר, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם חֲנוֹךְ ׃
19 אוּנְד יֶרֶד הָאט גֶעלֶעבְּט נָאכְדֶעם
אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם חֲנוֹךְ אַכְט
הוּנְדֶערְט יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען
זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער ׃
20 אוּנְד אַלֶע טֶעג פוּן יֶרֶד זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען נַיין הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוֵויא אוּנְד
זֶעכְצִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען ׃
21 אוּנְד חֲנוֹךְ הָאט גֶעלֶעבְּט פִינְף
אוּנְד זֶעכְצִיג יָאהְר אוּנְד עֶר הָאט
גֶעבּוֹירֶען דֶעם מְתוּשֶׁלַח ׃
22 אוּנְד חֲנוֹךְ הָאט גֶעוַואנְדֶעלְט מִיט
גָאט נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען
מְתוּשֶׁלַח דְרֵייא הוּנְדֶערְט יָאהְר, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער ׃
23 אוּנְד אַלֶע טֶעג פוּן חֲנוֹךְ זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען דְרֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף
אוּנְד זֶעכְצִיג יָאהְר ׃
24 אוּנְד עֶר הָאט גֶעוַואנְדֶעלְט מִיט גָאט,
אוּנְד עֶר אִיז נִיט מֶעהְר גֶעוֶועזֶען, דֶען
גָאט הָאט אִיהְם אַוֶועקְגֶענוּמֶען ׃
25 אוּנְד מְתוּשֶׁלַח הָאט גֶעלֶעבְּט הוּנְ־
דֶערְט אוּנְד זִיבֶּען אוּנְד אַכְצִיג יָאהְר,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם לֶמֶךְ ׃
26 אוּנְד מְתוּשֶׁלַח הָאט גֶעלֶעבְּט נָאךְ
דֶעם אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם לֶמֶךְ
זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוֵויא אוּנְד אַכְצִיג
יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיהְן
אוּנְד טֶעכְטֶער ׃
27 אוּנְד אַלֶע טֶעג פוּן מְתוּשֶׁלַח זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען נַיין הוּנְדֶערְט אוּנְד נַיין אוּנְד
זֶעכְצִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען ׃
28 אוּנְד לֶמֶךְ הָאט גֶעלֶעבְּט הוּנְדֶערְט
אוּנְד צְוֵויא אוּנְד אַכְצִיג יָאהְר, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען אַיין זוּהְן ׃
29 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען
נֹחַ אוּם צוּ זָאגֶען, דִיזֶער וֶועט אוּנְס
טְרֵייסְטֶען פוּן אוּנְזֶערֶע וֶוערְקֶע, אוּנְד
פוּן דֶעם קוּמֶער פוּן אוּנְזֶערֶע הֶענְד,
וֶועגֶען דִיא עֶרְד וָואס גָאט הָאט
זִיא פֶערְפְלוּכְט ׃
30 אוּנְד לֶמֶךְ הָאט גֶעלֶעבְּט נָאכְדֶעם
אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם נֹחַ פִינְף
הוּנְדֶערְט אוּנְד נַיין אוּנְד נַיינְצִיג יָאהְר,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיהְן אוּנְד
טֶעכְטֶער ׃
31 אוּנְד אַלֶע טֶעג פוּן לֶמֶךְ זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוּנְד זִיבֶּען



אונד

אוּנְד זִיבֶּעצִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען׃
32 אוּנְד נֹחַ אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען פִינְף
הוּנְדֶערְט יָאהְר אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען
דֶעם שֵׁם, דֶעם חָם, אוּנְד דֶעם יָפֶת׃

קאפיטעל ו

א אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז דִיא
מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
מֶערֶען אויף דֶער עֶרְד, אוּנְד טֶעכְטֶער
זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען צוּ זֵייא׃
2 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען דִיא טֶעכְטֶער פוּן דִיא מֶענְשֶׁען
דָאס זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען שֵׁיין, אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶענוּמֶען ווייבֶּער פוּן
אַלֶע וָואס זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אויסְעֶרְוֶוועלְט׃
3 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין גֵייסְט
זָאל נִיט אֵייבִּיג שְׁטְרֶעבֶּען מִיט דֶעם
מֶענְשֶׁען, ווייל עֶר אִיז פְלֵיישׁ, אוּנְד עֶס
זָאלֶען זַיין זַיינֶע טֶעג הוּנְדֶערְט אוּנְד
צְוַואנְצִיג יָאהְר׃
4 דִיא רִיזֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אויף
דֶער עֶרְד אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע טֶעג, אוּנְד
אוֹיךְ דֶערְנָאךְ, אַז דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט
זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דִיא טֶעכְטֶער פוּן
דִיא מֶענְשֶׁען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבּוֹירֶען
צוּ זֵייא, דִיזֶעלְבִּיגֶע זֶענֶען דִיא שְׁטַארְקֶע
וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן אֵימֶער נַאמְ־
הַאפְטִיגֶע מֶענֶער׃
5 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דִיא
בֵּייזְהֵייט פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען אִיז גֶעוֶועזֶען
גְרוֹיס אויף דֶער עֶרְד, אוּנְד אַלֶע דִיא
גֶעדַאנְקֶען פוּן זַיין הַארְץ זֶענֶען נָאר
שְׁלֶעכְט דֶען גַאנְצֶען טָאג׃
6 אוּנְד עֶס הָאט גָאט לֵייד גֶעטְהוּן
וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט דֶען מֶענְשֶׁען
אויף דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
בֶּעטְרִיבְּט אִין זַיין הַארְץ׃
7 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל
אָפְּמֶעקֶען דֶען מֶענְשֶׁען וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעמַאכְט פוּן אויף דֶער עֶרְד, פוּן דֶעם
מֶענְשֶׁען בִּיז דִיא בְּהֵמוֹת בִּיז דִיא
ווִירְמוּנְג, אוּנְד בִּיז צוּ דִיא פֵייגֶעל פוּן
דֶעם הִימֶעל, דֶען עֶס טְהוּט מִיר לֵייד
וָואס אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעמַאכְט׃
8 אָבֶּער נֹחַ הָאט גֶעפוּנֶען גֶענָאד אִין
דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט׃

נח

9 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן
נֹחַ, נֹחַ אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין גֶערֶעכְטֶער
אויפְרִיכְטִיגֶער מַאן אִין זַיינֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער
(דור), אוּנְד נֹחַ אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט גָאט׃
10 אוּנְד נֹחַ הָאט גֶעבּוֹירֶען דְרֵייא זִיהְן
דֶעם שֵׁם, דֶעם חָם, אוּנְד דֶעם יָפֶת׃
11 אוּנְד דִיא עֶרְד אִיז פֶערְדָארְבֶּען
גֶעוָוארֶען פַאר גָאט, אוּנְד דִיא עֶרְד
אִיז פוּל גֶעוָוארֶען מִיט רוֹיבּ׃
12 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא עֶרְד,
אוּנְד נוּן, זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען פֶערְדָארְבֶּען,
דֶען אַלֶעם פְלֵיישׁ הָאט פֶערְדָארְבֶּען
זַיין וֶועג אויף דֶער עֶרְד׃
13 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ נֹחַ,
דָאס עֶנְד פוּן אַלֶעם פְלֵיישׁ אִיז גֶע־
קוּמֶען פַאר מִיר, דֶען דִיא עֶרְד אִיז
פוּל גֶעוָוארֶען מִיט רוֹיבּ דוּרְךְ זֵייא,
אוּנְד נוּן, אִיךְ וֶועל זֵייא פַארְדַארְבֶּען,
מִיט דֶער עֶרְד׃
14 מַאךְ צוּ דִיר אַ קַאסְטֶען פוּן
פִיכְטֶען הָאלְץ, קַאמֶערֶען זָאלְסְטוּ
מַאכֶען אִין דֶעם קַאסְטֶען, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט אִיהְם בֶּעקְלֶעבֶּען פוּן אִינְוֶוענְ־
דִיג אוּנְד פוּן אויסְוֶוענְדִיג מִיט פֶּעךְ׃
15 אוּנְד דָאס אִיז וִויא דוּא זָאלְסְט
אִיהְם מַאכֶען, דְרֵייא הוּנְדֶערְט אֵיילֶען
דִיא לֵיינְג פוּן דֶעם קַאסְטֶען, פוּפְצִיג
איילען

אײלֶען זַײן בְּרֵײט, אוּנְד דְרֵײסִיג אֵײלֶען
זַײן הֵײךְ :
16 אוּנְד פֶּענְסְטֶער זָאלְסְטוּ מַאכֶען
צוּ דֶעם קַאסְטֶען, אוּנְד צוּ אֵײן אֵײל
זָאלְסְטוּ אִיהְן פוּלֶענְדֶען פוּן אויבֶּען,
אוּנְד דִיא טִיר פוּן דֶעם קַאסְטֶען זָאלְ־
סְטוּ מַאכֶען אִין זַײנֶע זַײט, אוּנְד
אוּנְטֶערְשְׁטֶע צְװֵײטֶע אוּנְד דְרִיטֶע
שְׁטָאק קַאמֶערֶען זָאלְסְטוּ אִיהְם מַאכֶען :
17 אוּנְד אִיךְ, זֶעה אִיךְ װֶעל בְּרֵײנְגֶען
דָאס מַבּוּל פוּן װַאסֶער אויף דֶער עֶרְד,
צוּ פֶערְדַארְבֶּען אַלֶעס פְלֵײשׁ װָאס
הָאט אֵײן לֶעבֶּעדִיגֶען גֵײסְט אוּנְטֶער
דֶעם הִימֶעל, אַלֶעס װָאס אִיז אויף
דֶער עֶרְד זָאל פֶערְגֵײן :
18 אוּנְד אִיךְ װֶעל בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען מֵײן
בּוּנְד מִיט דִיר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט קוּמֶען
אִין דֶעם קַאסְטֶען, דוּא, אוּנְד דֵײנֶע
זִיהְן, אוּנְד דֵײן װֵײבּ, אוּנְד דִיא װֵײבֶּער
פוּן דֵײנֶע זִיהְן מִיט דִיר :
19 אוּנְד פוּן אַלֶע לֶעבֶּעדִיגֶע (חַיוֹת),
פוּן אַלֶעס פְלֵײשׁ, צְװֵײא פוּן אַלֶעס
זָאלְסְטוּ בְּרֵײנְגֶען אִין דֶעם קַאסְטֶען
לֶעבֶּען צוּ בְּלֵײבֶּען מִיט דִיר, זֵײא
זָאלֶען זַײן אַ זָכָר אוּנְד אַ נְקֵבָה :
20 פוּן דִיא פֵײגֶעל נָאךְ זֵײעֶר מִין,
אוּנְד פוּן דִיא בְּהֵמוֹת נָאךְ זֵײעֶר מִין,
פוּן אַלֶע װִירְמוּנְג פוּן דֶער עֶרְד נָאךְ
אִיהְר מִין, צְװֵײא פוּן יֶעדֶען זָאלֶען צוּ
דִיר קוּמֶען אוּם לֶעבֶּען צוּ בְּלֵײבֶּען :
21 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען צוּ דִיר
פוּן אַלֶע שְׁפֵּײזֶען װָאס װֶערְט גֶעגֶעסֶען,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס צוּ דִיר אֵײנְזַאּ־
מֶעלְן, אוּנְד עֶס זָאל זַײן צוּ דִיר אוּנְד
צוּ זֵײא צוּ עֶסֶען :
22 אוּנְד נֹחַ הָאט גֶעטְהוּן אַלֶעס, גְלֵײךְ
אַזוֹי װִיא גָאט הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי
הָאט עֶר גֶעמַאכְט :

קאפיטעל ז

א אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ נֹחַ,
קוּם דוּא אוּנְד דֵײן גַאנְצֶעס הױזְגֶעזִינְד
אִין דֶעם קַאסְטֶען אַרֵײן, דֶען אִיךְ הָאבּ
דִיךְ גֶעזֶעהֶען גֶערֶעכְט פַאר מִיר אִין
דִיזֶען גֶעשְׁלֶעכְט :
2 פוּן אַלֶע רֵײנֶע בְּהֵמוֹת זָאלְסְטוּ
נֶעמֶען צוּ דִיר זִיבֶּען (אוּנְד) זִיבֶּען,
זָכָר אוּנְד נְקֵבָה, אוּנְד פוּן דִיא
בְּהֵמוֹת װָאס זֶענֶען נִיט רֵײן, צְװֵײא,
זָכָר אוּנְד נְקֵבָה :
3 אויךְ פוּן דִיא פֵײגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל
זִיבֶּען אוּנְד זִיבֶּען, זָכָר אוּנְד נְקֵבָה, אוּם
צוּ בֶּעהַאלְטֶען אַם לֶעבֶּען אֵײן זָאמֶען
אויף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד :
4 דֶען נָאךְ אִיבֶּער זִיבֶּען טֶעג װֶעל
אִיךְ מַאכֶען רֶעגֶענֶען אויף דֶער עֶרְד
פֶערְצִיג טֶעג אוּנְד פֶערְצִיג נֶעכְט,
אוּנְד אִיךְ װֶעל אָפְּמֶעקֶען אַלֶעס װָאס
בֶּעשְׁטֵײט, װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט
אויף דֶער עֶרְד :
5 אוּנְד נֹחַ הָאט גֶעטְהוּן אַלֶעס אַזוֹי
װִיא גָאט הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען :
6 אוּנְד נֹחַ אִיז אַלְט גֶעװֶעזֶען זֶעקְס
הוּנְדֶערְט יָאהְר, אוּנְד דָאס מַבּוּל אִיז
גֶעװֶעזֶען װַאסֶער אויף דֶער עֶרְד :
7 אוּנְד נֹחַ אִיז אַרֵײן גֶעקוּמֶען אוּנְד
זֵײנֶע זִיהְן, אוּנְד זַײן װַײבּ, אוּנְד דִיא
װֵײבֶּער פוּן זֵײנֶע זִיהְן מִיט אִיהְם אִין
דֶעם קַאסְטֶען אַרֵײן, פוּן װֶעגֶען דִיא
װַאסֶערֶען פוּן דֶעם מַבּוּל :
8 פוּן דִיא רֵײנֶע בְּהֵמוֹת אוּנְד פוּן
דִיא בְּהֵמוֹת װָאס זֶענֶען נִיט רֵײן, אוּנְד
פוּן דִיא פֵײגֶעל אוּנְד פוּן אַלֶעס װָאס
קְרִיכְט אויף דֶער עֶרְד :
1 צְװֵײא אוּנְד צְװֵײא זֶענֶען זֵײא אַרֵײן
געקומען

גֶעקוּמֶען צוּ נֹחַ אִין דֶעם קַאסְטֶען, זָכָר
אוּנְד נְקֵבָה, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט
גֶעבָּאטֶען דֶעם נֹחַ:
10 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דִיא
זִיבֶּען טֶעג, אַזוֹי זֶענֶען דִיא וַואסֶערֶען
פוּן דֶעם מַבּוּל גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער עֶרְד:
11 אִים זֶעקְס הוּנְדֶערְטְסְטֶען יָאהְר
אִין דֶעם לֶעבֶּען פוּן נֹחַ, אִין דֶעם
צְווייטֶען חֹדֶשׁ, אִין דֶעם זִיבֶּעצֶעטֶען
טָאג פוּן דֶעם חֹדֶשׁ, אִין דִיזֶען טָאג אִיז
גֶעשְׁפָּאלְטֶען גֶעוָוארֶען אַלֶע קְוַואלֶען
פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען אָבְּגְרוּנְד, אוּנְד דִיא
פֶענְסְטֶער פוּן דֶעם הִימֶעל זֶענֶען
אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען:
12 אוּנְד דֶער רֶעגֶען אִיז גֶעוֶועזֶען
אוֹיף דֶער עֶרְד פֶערְצִיג טֶעג אוּנְד
פֶערְצִיג נֶעכְט:
13 אִין דֶעמְזֶעלְבֶּען טָאג אִיז גֶעקוּ־
מֶען נֹחַ, אוּנְד שֵׁם אוּנְד חָם אוּנְד יֶפֶת
דִיא זִיהְן פוּן נֹחַ, אוּנְד דָאס וַוייבּ פוּן
נֹחַ, אוּנְד דִיא דְרֵייא וַוייבֶּער פוּן זַיינֶע
זִיהְן מִיט זֵייא אִין דֶעם קַאסְטֶען אַרֵיין:
14 זֵייא, אוּנְד אַלֶע חַיּוֹת צוּ זֵייעֶר מִין,
אוּנְד אַלֶע בְּהֵמוֹת צוּ זֵייעֶר מִין, אוּנְד
אַלֶע דִיא ווִירְמוּנְג וָואס ווִירְמֶעט זִיךְ
אוֹיף דֶער עֶרְד צוּ זֵייעֶר מִין, אוּנְד
פֵייגֶעל צוּ זֵייעֶר מִין, אַלֶערְלֵייא פֵייגֶעל
פוּן אַלֶערְלֵייא פְלִיגֶעל:
15 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ נֹחַ
אִין דֶעם קַאסְטֶען אַרֵיין, צְווייא אוּנְד
צְווייא פוּן אַלֶעם פְלֵייש, אִין ווֶעלְכֶען
עֶס אִיז אִין אִיהְם אַ גַייסְט פוּן לֶעבֶּען:
16 אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען,
אַ זָכָר אוּנְד אַ נְקֵבָה זֶענֶען גֶעקוּמֶען
פוּן אִיטְלִיכֶעם פְלֵייש, אַזוֹי וִויא גָאט
הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען, אוּנְד גָאט הָאט
פַאר אִיהְם (זַיינֶעט ווִילֶען) צוּ גֶעשְׁלָאסֶען:

17 אוּנְד דָאס מַבּוּל אִיז גֶעוֶועזֶען
פֶערְצִיג טֶעג אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד דִיא
וַואסֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעמֶעהְרְט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען דֶעם קַאסְטֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען,
אוּנְד עֶר אִיז דֶערהֵייבְט גֶעוָוארֶען
אִיבֶּער דֶער עֶרְד:
18 אוּנְד דִיא וַואסֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ
גֶעשְׁטַארְקְט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ זֵייעֶר
גֶעמֶעהְרְט אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד דֶער
קַאסְטֶען אִיז גֶעגַאנְגֶען פוּן אוֹיבֶּען
אוֹיף דִיא וַואסֶערֶען:
19 אוּנְד דִיא וַואסֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ
גֶעשְׁטַארְקְט מֶעהְר אוּנְד מֶעהְר אוֹיף
דֶער עֶרְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּגֶעדֶעקְט
אַלֶע הוֹיכֶע בֶּערְג וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער
דֶעם גַאנְצֶען הִימֶעל:
20 פוּפְצֶען אֵיילֶען פוּן אוֹיבֶּען
הָאבֶּען זִיךְ דִיא וַואסֶערֶען גֶעשְׁטַארְקְט,
אוּנְד דִיא בֶּערְג זֶענֶען צוּגֶעדֶעקְט
גֶעוָוארֶען:
21 אוּנְד עֶס אִיז פֶערְגַאנְגֶען אַלֶעם
פְלֵייש וָואס ווִירְמֶעט זִיךְ אוֹיף דֶער
עֶרְד, פוּן דִיא פֵייגֶעל אוּנְד פוּן דִיא
בְּהֵמוֹת אוּנְד פוּן דִיא חַיּוֹת אוּנְד פוּן
אַלֶע ווִירְמוּנְג וָואס ווִירְמֶעט זִיךְ אוֹיף
דֶער עֶרְד, אוּנְד אַלֶע מֶענְשֶׁען:
22 אַלֶעס אִין ווֶעלְכֶען עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
אֵיין נְשָׁמָה פוּן אֵיין לֶעבֶּעדִיגֶען גַייסְט
אִין זַיינֶע נָאזְלֶעכֶער, פוּן אַלֶעם וָואס
עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער טְרִיקֶענִים
זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען:
23 אוּנְד עֶר הָאט אָפְּגֶעמֶעקְט דֶען
גַאנְצֶען בֶּעשְׁטַאנְד וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
אוֹיף דֶער עֶרְד, פוּן דִיא מֶענְשֶׁען בִּיז
צוּ דִיא בְּהֵמוֹת בִּיז צוּ דִיא ווִירְמוּנְג,
אוּנְד בִּיז צוּ דִיא פֵייגֶעל פוּן דֶעם
הִימֶעל, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אָפְּגֶעמֶעקְט


געוואָרען

גֶעוָוארֶען פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶס אִיז
נָאר אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען נֹחַ אוּנְד דִיא
וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
קַאסְטֶען׃
24 אוּנְד דִיא וַואסֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ
גֶעשְׁטַארְקְט אוֹיף דֶער עֶרְד, הוּנְדֶערְט
אוּנְד פוּפְצִיג טֶעג׃

קאַפּיטעל ח

א אוּנְד גָאט הָאט גֶעדֶענְקְט אָן דֶעם
נֹחַ אוּנְד אָן אַלֶע חַיּוֹת אוּנְד אָן
אַלֶע בְּהֵמוֹת וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
מִיט אִיהְם אִין דֶעם קַאסְטֶען, אוּנְד
גָאט הָאט גֶעמַאכְט אֵיין וִוינְד אִיבֶּער
פָארֶען אִיבֶּער דֶער עֶרְד, אוּנְד דִיא
וַואסֶערֶען זֶענֶען גֶעשְׁטִילְט גֶעוָוארֶען׃
2 אוּנְד עֶס זֶענֶען פַארְשְׁטָאפְּט גֶע־
וָוארֶען דִיא קְוַואלֶען פוּן דֶעם אָבְּגְרוּנְד
אוּנְד דִיא פֶענְסְטֶער פוּן דֶעם הִימֶעל,
אוּנְד דֶער רֶעגֶען פוּן דֶעם הִימֶעל הָאט
אוֹיפְגֶעהֶערְט׃
3 אוּנְד דִיא וַואסֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ
וִוידֶער גֶעקֶערְט פוּן אוֹיף דֶער עֶרְד
אִימֶער מֶעהְר אוּנְד מֶעהְר, אוּנְד דִיא
וַואסֶערֶען זֶענֶען גֶעמִינֶערְט גֶעוָוארֶען
נָאךְ דֶעם עֶנְד פוּן הוּנְדֶערְט אוּנְד
פוּפְצִיג טֶעג׃
4 אוּנְד דֶער קַאסְטֶען הָאט גֶערוּהְט
אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען חֹדֶשׁ, אִין דֶעם
זִיבֶּעצֶענְטֶען טָאג פוּן דֶעם חֹדֶשׁ אוֹיף
דִיא בֶּערְג אֲרָרָט׃
5 אוּנְד דָאס וַואסֶער אִיז אִימֶער וֶוי־
נִיגֶער גֶעוָוארֶען בִּיז צוּם צֶעהְנְטֶען חֹדֶשׁ,
אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אִין דֶעם צֶעהְנְטֶען
חֹדֶשׁ, זֶענֶען דִיא שְׁפִּיצֶען פוּן דִיא
בֶּערְג גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען׃
6 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶעם
עֶנְד פוּן פֶערְצִיג טֶעג, אַזוֹי הָאט נֹחַ
אוֹיפְגֶעמַאכְט דָאס פֶענְסְטֶער פוּן דֶעם
קַאסְטֶען וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט׃
7 אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיס גֶעשִׁיקְט דֶען
רָאבּ, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹס גֶעפְלוֹיגֶען
הִין אוּנְד הֶער אוּנְד אִיז צוּרִיק גֶעקוּמֶען
בִּיז דָאס וַואסֶער וַואר פֶערְטְרָאקֶענְט
פוּן אוֹיף דֶער עֶרְד׃
8 אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיס גֶעשִׁיקְט דִיא
טוֹיבּ פוּן זִיךְ, צוּ זֶעהֶען אוֹיבּ דִיא
וַואסֶערֶען זֶענֶען גֶעגְרִינְגֶערְט גֶעוָוארֶען
פוּן אוֹיף דֶער עֶרְד׃
9 אוּנְד דִיא טוֹיבּ הָאט נִיט גֶעפוּנֶען קֵיין
רוּהֶ צוּ דִיא בַּאלֶען פוּן אִיהְרֶע פִּיס, אוּנְד
זִיא הָאט וִוידֶער גֶעקֶערְט צוּ אִיהְם אִין
דֶעם קַאסְטֶען אַרֵיין, דֶען דִיא וַואסֶערֶען
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד,
אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיינֶע
הַאנְד אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶענוּמֶען אוּנְד
עֶר הָאט זִיא גֶעבְּרֶענְגְט צוּ זִיךְ אִין
דֶעם קַאסְטֶען אַרֵיין׃
10 אוּנְד עֶר הָאט גֶעוַוארְט נָאךְ
אַנְדֶערֶע זִיבֶּען טֶעג, אוּנְד עֶר הָאט
נָאךְ אַמָאל אַרוֹיס גֶעשִׁיקְט דִיא טוֹיבּ פוּן
דֶעם קַאסְטֶען׃
11 אוּנְד דִיא טוֹיבּ אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּ־
מֶען גֶעגֶען אָבֶענְד צֵייט, אוּנְד נוּן אֵיין
בְּלַאט פוּן אֵיין אֵיילְבֶּערְט בּוֹים פְרִישׁ
אָבְּגֶעְרִיסֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אִיהְר
מוֹיל, אַזוֹי הָאט נֹחַ גֶעוְואוּסְט אַז דִיא
וַואסֶערֶען זֶענֶען גֶעגֶרִינְגֶערְט גֶעוָוארֶען
פוּן אוֹיף דֶער עֶרְד׃
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעוַוארְט נָאךְ אַנְ־
דֶערֶע זִיבֶּען טֶעג, אוּנְד עֶר הָאט
דִיא טוֹיבּ אַרוֹיס גֶעשִׁיקְט, אָבֶּער
זִיא אִיז נִיט מֶעהְר צוּ אִיהְם צוּרִיק
גֶעקוּמֶען׃
13 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
זֶעקְס

זֶעקְס הוּנְדֶערְט אוּנְד עֶרְשְׁטֶען יָאהְר, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען חדֶשׁ, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶעם חדֶשׁ, וָענֶען דִיא וַואסֶערֶען פֶערְטרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען פוּן אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד נֹחַ הָאט אָבְגֶעטְהוּן דִיא דֶעק פוּן דֶעם קַאסְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אוּנְד נוּן דָאס אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶער עֶרְד אִיז טְרוּקֶען גֶעוֶועזֶען:

14 אוּנְד אִין דֶעם אַנְדֶערֶען חדֶשׁ, אִין דֶעם זִיבֶּען אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶען טָאג פוּן דֶעם חדֶשׁ, אִיז דִיא עֶרְד טְרוּקֶען גֶעוֶועזֶען:

15 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ נֹחַ אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

16 גֶייא אַרוֹיס פוּן דֶעם קַאסְטֶען דוּא אוּנְד דֵיין וַוייבּ, אוּנְד דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד דִיא וַוייבֶּער פוּן דֵיינֶע זִיהְן מִיט דִיר:

17 אַלֶע חיות וָואס זֶענֶען מִיט דִיר, פוּן אַלֶעם פְלֵייש, פוּן פֵייגֶעל אוּנְד פוּן בְּהֵמוֹת, אוּנְד פוּן אַלֶע דִיא וִוירְמוּנְג וָואס וִוירְמֶעט זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד, מַאךְ זֵייא אוֹיסְגֵיין מִיט דִיר, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זִיךְ וִוירְמֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד זֵייא זָאלֶען פְרוּכְטְבַּאר זֵיין אוּנְד זֵייא זָאלֶען זִיךְ מֶעהְרֶען אוֹיף דֶער עֶרְד:

18 אוּנְד נֹחַ אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן אוּנְד זֵיין וַוייבּ אוּנְד דִיא וַוייבֶּער פוּן זֵיינֶע זִיהְן מִיט אִיהְם:

19 אַלֶע חיות, אַלֶע וִוירְמוּנְג אוּנְד אַלֶע פֵייגֶעל, אַלֶעם וָואס וִוירְמֶעט זִיךְ אוֹיךְ דֶער עֶרְד, צוּ זֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער זֶענֶען זֵייא אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם קַאסְטֶען:

20 אוּנְד נֹחַ הָאט גֶעבּוֹיט אֵיין מִזְבֵּחַ צוּ גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען פוּן אַלֶע רֵיינֶע בְּהֵמוֹת, אוּנְד פוּן אַלֶע רֵיינֶע פֵייגֶעל, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט בְּרַאנְד־אָפְּפֶער אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ:

21 אוּנְד גָאט הָאט גֶעשְׁמֶעקְט דֶעם לִיבְּלִיכֶען גֶעשְׁמַאק, אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט אִין זֵיינֶעם הַארְצֶען, אִיךְ וֶועל נִיט מֶעהְר פֶערְפְלוּכֶען נָאךְ אַמָאל דִיא עֶרְד וֶועגֶען דֶעם מֶענְשֶׁען, דֶען דָאס טְרַאכְטֶען פוּן דֶעם הַארְץ פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען אִיז בֵּייז פוּן זֵיינֶער יוּגֶענְד אוֹיף, אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט מֶערֶען נָאךְ אַמָאל צוּ דֶערְשְׁלָאגֶען אַלֶעם לֶעבֶּעדִיגֶע, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן:

22 וַוייטֶער, אַלֶע טֶעג פוּן דִיא עֶרְד זָאל נִיט אוֹיפְהֶערֶען צוּ זֵיין, זֵייעֶן אוּנְד שְׁנִיט צֵייט, אוּנְד קֶעלְט אוּנְד הִיץ, אוּנְד זוּמֶער אוּנְד ווִינְטֶער, אוּנְד טָאג אוּנְד נַאכְט:

## קאפיטעל ט

א אוּנְד גָאט הָאט גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם נֹחַ אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵייא, זַייט פְרוּכְטְבַּאר אוּנְד מֶעהְרְט אֵייךְ, אוּנְד עֶרְפִילְט דִיא עֶרְד:

2 אוּנְד אֵיירֶע פוּרְכְט אוּנְד אֵיירֶע אַנְגְסְט זָאל זֵיין אוֹיף אַלֶע חיות פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד אוֹיף אַלֶע פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל, אִיבֶּער אַלֶעם וָואס דִיא עֶרְד וִוירְמֶעט, אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע פִישׁ פוּן דֶעם יַם, אִין אֵיירֶע הֶענְד זֶענֶען זֵייא גֶעגֶעבֶּען:

3 אַלֶע וִוירְמֶענוּנְג וָואס אִיז לֶעבֶּעדִיג זָאל זֵיין צוּ אֵייךְ צוּ עֶסֶען, אַזוֹי וִויא דָאס גְרִינֶע גְרָאז הָאבּ אִיךְ אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען אַלֶעם:

4 נֵייעֶרְט פְלֵייש מִיט זֵיין לֶעבֶּען, זֵיין בְּלוּט, זָאלְט אִיהְר נִיט עֶסֶען:

5 אוּנְד אוֹיךְ אֵייעֶר בְּלוּט פוּן אֵייעֶר לֶעבֶּען וֶועל אִיךְ פֶערְלַאנְגֶען, פוּן דֶער הַאנְד

פון

פון אַלֶע חַיות װעל אִיךְ עס פֶערְלַאנְגֶען, אונְד פון דֶער האַנְד פון דֶעם מֶענְשֶׁען, פון דֶער האַנְד פון יֶעדֶען מַאן זֵיינֶעם בְּרודֶער װעל אִיךְ פֶערְלַאנְגֶען דָאס לֶעבֶּען פון דֶעם מֶענְשֶׁען:

6 דֶער װָאס פֶערְגִיסְט דָאס בְּלוט פון דֶעם מֶענְשֶׁען, דורְךְ דֶעם מֶענְשֶׁען זָאל זֵיין בְּלוט פֶערְגָאסֶען װֶערֶען, דֶען אִין דֶעם בִּילְד פון גָאט הָאט עֶר גֶע־מַאכְט דֶעם מֶענְשֶׁען:

7 אונְד אִיהְר, זֵייט פְרוּכְטְבַּאר אונְד מֶעהְרְט אֵייךְ, װִידְמֶעט אֵייךְ אויף דֶער עֶרְד אונְד מֶעהְרְט אֵייךְ אויף אִיהְר:

8 אונְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צו נֹחַ אונְד צו זֵיינֶע זִיהְן מִיט אִיהְם, אַזוֹי צו זָאגֶען:

9 אונְד אִיךְ, נון אִיךְ װעל בֶּעשְׁטֶעטְ־טִיגֶען מֵיין בּוּנְד מִיט אֵייךְ, אונְד מִיט אֵיירֶע זָאמֶען נָאךְ אֵייךְ:

10 אונְד מִיט אַלֶע לֶעבֶּעדִיגֶע זֶעלֶען װָאס זֶענֶען מִיט אֵייךְ, פון פֵייגֶעל פון בְּהֵמות, אונְד פון אַלֶע חַיות פון דֶער עֶרְד מִיט אֵייךְ, פון אַלֶע װָאס זֶענֶען אַרויס גֶעגַאנְגֶען פון דֶעם קַאסְטֶען, צו אַלֶע חַיות פון דֶער עֶרְד:

11 אונְד אִיךְ װעל בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען מֵיין בּוּנְד מִיט אֵייךְ, אונְד אַלֶעס פְלֵייש זָאל נִיט פֶערְשְׁנִיטֶען װֶערֶען נָאךְ אַמָאל דורְךְ דָאס װַאסֶער פון דֶעם מַבּוּל, אונְד דָאס מַבּוּל זָאל נִיט זֵיין נָאךְ אַמָאל צו פֶערְדַארְבֶּען דִיא עֶרְד:

12 אונְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז דָאס צֵייכֶען פון דֶעם בּוּנְד װָאס אִיךְ גִיבּ צְװִישֶׁען מִיר אונְד צְװִישֶׁען אֵייךְ, אונְד צְװִישֶׁען אַלֶע לֶעבֶּעדִיגֶע זֶעלֶען װָאס זֶענֶען מִיט אֵייךְ, צו אֵייבִּיגֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער:

13 מֵיין בּויגֶען הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען אִין דֶעם װָאלְקֶען, אונְד עֶר װֶעט זֵיין צו אֵיין צֵייכֶען פון דֶעם בּוּנְד צְװִישֶׁען מִיר אונְד צְװִישֶׁען דִיא עֶרְד:

14 אונְד עֶס װֶעט זֵיין, װֶען אִיךְ װעל װָאלְקֶענֶען אֵיין װָאלְקֶען אויף דֶער עֶרְד, אונְד עֶס זָאל גֶעזֶעהֶען װֶערֶען דֶער בּויגֶען אִין דֶעם װָאלְקֶען:

15 אונְד אִיךְ װעל גֶעדֶענְקֶען אָן מֵיין בּוּנְד װָאס אִיז צְװִישֶׁען מִיר אונְד צְװִישֶׁען אֵייךְ אונְד צְװִישֶׁען אַלֶע לֶע־בֶּעדִיגֶע זֶעלֶען אִין אַלֶעם פְלֵייש, אונְד דִיא װַאסֶערֶען זָאל נִיט זֵיין נָאךְ אַמָאל צו אַ מַבּוּל צו פֶערְדַארְבֶּען אַלֶעם פְלֵייש;

16 אונְד דֶער בּויגֶען װֶעט זֵיין אִין דֶעם װָאלְקֶען, אונְד אִיךְ װעל אִיהְם זֶעהֶען, צו גֶעדֶענְקֶען דֶעם אֵייבִּיגֶען בּוּנְד צְװִישֶׁען גָאט אונְד צְװִישֶׁען אַלֶע לֶעבֶּעדִיגֶע זֶעלֶען אִין אַלֶעם פְלֵייש, װָאס אִיז אויף דֶער עֶרְד:

17 אונְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צו נֹחַ, דָאס אִיז דָאס צֵייכֶען פון דֶעם בּוּנְד װָאס אִיךְ הָאבּ בֶּעשְׁטֶעטִיגְט צְװִישֶׁען מִיר אונְד צְװִישֶׁען אַלֶעם פְלֵייש װָאס אִיז אויף דֶער עֶרְד:

18 אונְד דִיא זִיהְן פון נֹחַ װעלְכֶע זֶענֶען אַרויס גֶעגַאנְגֶען פון דֶעם קַאסְטֶען זֶענֶען גֶעװֶעזֶען, שֵׁם אונְד חָם אונְד יָפֶת. אונְד חָם דֶער אִיז דֶער פָאטֶער פון כְּנַעַן:

19 דִיזֶע דְרֵייא זֶענֶען דִיא זִיהְן פון נֹחַ, אונְד פון דִיזֶע הָאט זִיךְ דִיא גַאנְצֶע עֶרְד פֶערְשְׁפְּרֵייט:

20 אונְד נֹחַ הָאט אָנְגֶעהויבֶּען צו װֶערֶען אֵיין אַקֶערְמַאן, אונְד עֶר הָאט גֶעפְּלַאנְצְט אַ װויינְגָארְטֶען:

21 אונְד עֶר הָאט גֶעטְרוּנְקֶען פון

דֶעם וויין, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעְ־שִׁיכּוֹרְט, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעדֶעקְט אִין מִיטֶען זַיין גֶעצֶעלְט׃

22 אוּנְד חָם דֶער פָאטֶער פוּן כְּנַעַן הָאט גֶעזֶעהְען דִיא שַׁאנְד פוּן זַיין פָאטֶער, אוּנְד עֶר הָאט עֶס עֶרְצֵיילְט צוּ זַיינֶע צְווייא בְּרִידֶער אִין דְרויסֶען׃

23 אוּנְד שֵׁם אוּנְד יֶפֶת הָאבֶּען גֶעְ־נוּמֶען דָאס קְלֵייד אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעלֵייגְט אוֹיף זֵיירֶע בֵּיידֶע אַקְסְלֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען הִינְטֶערְווֵיילֶעכְס, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ גֶעדֶעקְט דִיא שַׁאנְד פוּן זֵייעֶר פָאטֶער, אוּנְד זֵייעֶרֶע אָנְגֶעזִיכְטֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען הִינְטֶערְווֵיילֶעכְס, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען דִיא שַׁאנְד פוּן זֵייעֶר פָאטֶער׃

24 אוּנְד נֹחַ אִיז אוֹיפְגֶעוַואכְט פוּן זַיין וויין, אוּנְד עֶר הָאט גֶעווָאוּסְט וָואס זַיין קְלֶענְגֶערֶער זוּהְן הָאט אִיהְם גֶעטְהוּן׃

25 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט פֶערְפְלוּכְט זֵייא כְּנַעַן, אַיין קְנֶעכְט פוּן קְנֶעכְטֶען זָאל עֶר זַיין צוּ זַיינֶע בְּרִידֶער׃

26 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט זֵייא גָאט דֶער גָאט, פוּן שֵׁם, אוּנְד כְּנַעַן זָאל זַיין אַ קְנֶעכְט צוּ אִיהְם׃

27 גָאט זָאל עֶרְוֵייטֶערֶען יֶפֶת, אוּנְד עֶר זָאל ווְאוֹינֶען אִין דִיא גֶעצֶעלְטֶען פוּן שֵׁם, אוּנְד כְּנַעַן זָאל זַיין אַ קְנֶעכְט צוּ אִיהְם׃

28 אוּנְד נֹחַ הָאט גֶעלֶעבְּט נָאכְדֶעם מַבּוּל דְרֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג יָאהְר׃

29 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַלֶע טֶעג פוּן נֹחַ זַיין הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג יָאהְר אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען׃

קאפיטעל י

א אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן נֹחַ, שֵׁם חָם אוּנְד יֶפֶת, אוּנְד צוּ זֵייא זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען קִינְדֶער נָאךְ דֶעם מַבּוּל׃

2 דִיא זִיהְן פוּן יֶפֶת, גֹמֶר אוּנְד מָגוֹג אוּנְד מָדַי אוּנְד יָוָן אוּנְד תֻּבָל אוּנְד מֶשֶׁךְ אוּנְד תִּירָס׃

3 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן גֹמֶר, אַשְׁכְּנַז אוּנְד רִיפַת אוּנְד תֹגַרְמָה׃

4 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יָוָן, אֱלִישָׁה אוּנְד תַּרְשִׁישׁ, כִּתִּים אוּנְד דֹדָנִים׃

5 פוּן דִיזֶע זֶענֶען אָבְגֶעטֵיילְט גֶעוָוא־רֶען דִיא אִינְזֶלֶען פוּן דִיא פֶעלְקֶער אִין זֵיירֶע לֶענְדֶער, יֶעדֶער מַאן צוּ זַיין שְׁפְּרַאךְ, צוּ זֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער אוּנְטֶער זֵיירֶע פֶעלְקֶער׃

6 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן חָם, כּוּשׁ, אוּנְד מִצְרַיִם, אוּנְד פוּט, אוּנְד כְּנַעַן׃

7 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן כּוּשׁ, סְבָא אוּנְד חֲוִילָה, אוּנְד סַבְתָּה, אוּנְד רַעְמָה, אוּנְד סַבְתְּכָא; אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן רַעְמָה, שְׁבָא, אוּנְד דְדָן׃

8 אוּנְד כּוּשׁ הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם נִמְרֹד, עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זַיין אַ שְׁטַארְ־קֶער אוֹיף דֶער עֶרְד׃

9 עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ שְׁטַארְקֶער יֶעגֶער פַאר גָאט, דָארוּם וֶוערְט גֶעזָאגְט, אַזוֹי וִויא נִמְרֹד אַ שְׁטַארְקֶער יֶעגֶער פַאר גָאט׃

10 אוּנְד דֶער אָנְפַאנְג פוּן זַיין קֶענִיגְ־רֵייךְ אִיז גֶעוֶועזֶען בָּבֶל, אוּנְד אֶרֶךְ, אוּנְד אַכַּד, אוּנְד כַּלְנֵה, אִין דֶעם לַאנְד שִׁנְעָר׃

11 פוּן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען לַאנְד אִיז אַשּׁוּר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹיט נִינְוֵה אוּנְד רְחֹבֹת עִיר אוּנְד כָּלַח׃

12 אוּנְד רֶסֶן צְווִישֶׁען נִינְוֵה אוּנְד

צווישען

טְרָאגֶעדִיג גֶעוָוארֶען פוּן זֵייעֶר פָאטֶער:
37 אוּנְד דִיא עֶלְטֶסְטֶע הָאט גֶעבּוֹירֶען
אַ זוּהְן, אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען זֵיין
נָאמֶען מוֹאָב, עֶר אִיז דֶער פָאטֶער פוּן
מוֹאָב בִּיז הֵיינְט:
38 אוּנְד דִיא יוּנְגְסְטֶע, זִיא הָאט אוֹיךְ
גֶעבּוֹירֶען אַ זוּהְן, אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּ־
פֶען זֵיין נָאמֶען בֶּן־עַמִּי, עֶר אִיז דֶער
פָאטֶער פוּן דִיא בְּנֵי־עַמּוֹן בִּיז הֵיינְט:

## קאפיטעל כ

א אוּנְד אַבְרָהָם הָאט אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען
פוּן דָארטֶען צוּ דֶעם לַאנְד פוּן דָרוֹם,
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט צְווִישֶׁען
קָדֵשׁ אוּנְד צְווִישֶׁען שׁוּר, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעוְואוֹינְט אִין גְרָר:
2 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעזָאגְט אוֹיף
זֵיין וַוייבּ שָׂרָה זִיא אִיז מֵיין שְׁוֶועסְטֶער,
אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ דֶער קֶענִיג פוּן גְרָר הָאט
גֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאט דִיא שָׂרָה גֶענוּמֶען:
3 אוּנְד גָאט אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אֲבִימֶלֶךְ
אִין חָלוֹם בַּייא דֶער נַאכְט, אוּנְד הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא וֶועסְט שְׁטַארְבֶּען
פוּן וֶועגֶען דֶעם וַוייבּ וָואס דוּא הָאסְט
צוּ דִיר גֶענוּמֶען, דֶען זִיא אִיז אַ פְרוֹי
פוּן אַ מַאן:
4 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט צוּ אִיהְר נָאךְ
נִיט גֶענֶעהְנְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
הַאר (גָאט) ווילְסְטוּ דֶען אוֹיךְ אַיין
גֶערֶעכְטֶע פָאלְק דֶערְשְׁלָאגֶען?
5 הָאט עֶר נִיט צוּ מִיר גֶעזָאגְט זִיא אִיז
מֵיין שְׁוֶועסְטֶער? אוּנְד זִיא אוֹיךְ, זִיא
הָאט גֶעזָאגְט עֶר אִיז מֵיין בְּרוּדֶער,
אִין אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט פוּן מֵיין הַארְץ
אוּנְד מִיט רֵיינֶע הֶענְד הָאבּ אִיךְ עֶס
גֶעטְהוּן:
6 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם
אִין דֶעם חָלוֹם, אִיךְ ווייס אוֹיךְ אַז אִין
אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט פוּן דֵיין הַארְץ הָאסְטוּ
דָאס גֶעטְהוּן, אוּנְד אִיךְ אוֹיךְ, הָאבּ דִיךְ
פֶערְמִיטֶען פוּן צוּ זִינְדִיגֶען קֶעגֶען מִיר,
דָארוּם הָאבּ אִיךְ דִיךְ נִיט צוּגֶעלָאזֶען
אִיהְר אָנְצוּרִירֶען:
7 אוּנְד אַצוּנְד גִיבּ צוּרִיק דָאס וַוייבּ
צוּ דֶעם מַאן, דֶען עֶר אִיז אַ נָבִיא,
אוּנְד עֶר וֶועט פוּן דֵיינֶעטְוֶועגֶען תְּפִלָּה
טְהוּן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען,
וֶוען דוּא וֶועסְט אָבֶּער נִיט צוּרִיק גֶעבֶּען,
אַזוֹי זָאלְסְטוּ ווִיסֶען אַז דוּא וֶועסְט דֶעם
טוֹיט שְׁטַארְבֶּען, דוּא אוּנְד אַלֶע דֵיינֶע:
8 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
פְרִיה אִין דֶעם מָארְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט
גֶערוּפֶען צוּ אַלֶע זֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד
עֶר הָאט דֶערְצֵיילְט אִין זֵיירֶע אוֹירֶען
דִיא אַלֶע דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער, אוּנְד דִיא
מֶענֶער הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק גֶעפָארְכְטֶען:
9 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט גֶערוּפֶען צוּ
אַבְרָהָם אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וָואס הָאסְטוּ גֶעטְהוּן צוּ אוּנְס, אוּנְד וָואס
הָאבּ אִיךְ גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען דִיר, אַז
דוּא הָאסְט גֶעבְּרַאכְט אִיבֶּער מִיר אוּנְד
אִיבֶּער מֵיין קֶענִיגְרֵייךְ אַ גְרוֹיסֶע זִינְד?
וֶוערְקֶע (מַעֲשִׂים) וָואס דַארְפֶען נִיט
גֶעטְהוּן וֶוערֶען הָאסְטוּ מִיט מִיר גֶעטְהוּן:
10 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אַבְרָהָם, וָואס הָאסְטוּ גֶעזֶעהֶען דָאס דוּא
הָאסְט גֶעטְהוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ?
11 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעזָאגְט, דֶען
אִיךְ הָאבּ נוּר גֶעדַאכְט אַז עֶס אִיז אִין
דִיזֶען אָרְט קֵיין גָאטֶעס פוּרכְט, אוּנְד
זַייא וֶועלֶען מִיךְ טוֹיטשְׁלָאגֶען וֶועגֶען
מֵיין וַוייבּ:
12 אוּנְד זִיא אִיז אוֹיךְ בֶּאֱמֶת מֵיין
שְׁוֶועסְטֶער, מֵיין פָאטֶער'ס טָאכְטֶער
אָבֶּער זִיא אִיז נִיט דִיא טָאכְטֶער פוּן

מֵיין מוּטֶער, אוּנְד זִיא אִיז גֶעוָוארֶען
צוּ מִיר צוּ אֵיין וַוייבּ:
13 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז גָאט
הָאט מִיךְ גֶעמַאכְט אַװֶעקוַואַנְדֶערְן פוּן
מֵיין פָאטֶערְס הויזגֶעזִינְד, הָאבּ אִיךְ
צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט דָאס זָאל זֵיין דִיא גְנָאד
וָואס דוּא זָאלסְט מִיט מִיר טְהוּן, צוּ
יֶעדֶען אָרְט וְואוּ מִיר וֶועלֶען אַהִין קוּמֶען,
זָאג אוֹיף מִיר אַז עֶר אִיז מֵיין בְּרוּדֶער:
14 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט גֶענוּמֶען שָׁאף אוּנְד
רִינְדֶער אוּנְד קְנֶעכְט אוּנְד דִינְסְטֶען אוּנְד
עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ אַבְרָהָם, אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם צוּרִיק גֶעגֶעבֶּען שָׂרָה זֵיין וַוייבּ:
15 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה
מֵיין לַאנְד אִיז פַאר דִיר, וְואוּין וְואוּ עֶס
אִיז גוּט אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען:
16 אוּנְד צוּ שָׂרָה הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
זֶעה אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען טוֹיזֶענְד שְׁטִיק
זִילְבֶּער צוּ דֵיין בְּרוּדֶער, זֶעה עֶר אִיז
צוּ דִיר אַ צוּדֶעק צוּ דִיא אוֹיגֶען, צוּ
אַלֶע וָואס זֶענֶען מִיט דִיר, אוּנְד בֵּייא
אַלֶע וֶועסְטוּ גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט זֵיין:
17 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ
גָאט, אוּנְד גָאט הָאט גֶעהֵיילְט דֶעם
אֲבִימֶלֶךְ אוּנְד זֵיין וַוייבּ אוּנְד זֵיינֶע דִינְ־
סְטֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעוְואוּנֶען:
18 דֶען גָאט הָאט גַאנְץ פֶערְהַאלְטֶען
אַלֶע מוּטֶערלֵייבֶּער פוּן אֲבִימֶלֶךְ'ס הוֹיז
גֶעזִינְד, וֶועגֶען שָׂרָה דָאס וַוייבּ פוּן
אַבְרָהָם:

## קאפיטל כא

א אוּנְד גָאט הָאט גֶעדֶענְקְט אָן שָׂרָה
אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אוּנְד גָאט
הָאט גֶעטְהוּן צוּ שָׂרָה אַזוֹי וִויא עֶר הָאט
גֶערֶעט:
2 אוּנְד שָׂרָה אִיז טְרָאגֶעדִיג גֶעוָוארֶען
אוּנְד זִיא הָאט גֶעווָאוּנֶען אַ זוּהְן צוּ
אַבְרָהָם אִין זֵיין עֶלְטֶער, צוּ דֶער צֵייט
וָואס גָאט הָאט אִיהְם צוּגֶעזָאגְט:
3 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶערוּפֶען דֶעם
נָאמֶען פוּן זֵיין זוּהְן וָואס אִיז צוּ אִיהְם
גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, וָואס שָׂרָה הָאט צוּ
אִיהְם גֶעבּוֹירֶען, יִצְחָק:
4 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט בֶּעשְׁנִיטֶען דֶעם
יִצְחָק זֵיין זוּהְן, וֶוען עֶר אִיז אַכְט טֶעג
אַלְט גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט אִיהְם
גֶעבָּאטֶען:
5 אוּנְד אַבְרָהָם אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען
הוּנְדֶערְט יָאהְר וֶוען זֵיין זוּהְן יִצְחָק אִיז
צוּ אִיהְם גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען:
6 אוּנְד שָׂרָה הָאט גֶעזָאגְט, אַ גֶעלֶעכְ־
טֶער הָאט גָאט מִיר גֶעמַאכְט, אִיטְלִי־
כֶער וָואס הֶערְט וֶועט לַאכֶען אִיבֶּער
מִיר:
7 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער וָואלְט
עֶס גֶעזָאגְט צוּ אַבְרָהָם, שָׂרָה וֶועט זֵייגֶען
קִינְדֶער, אַז אִיךְ זָאל גֶעווִינֶען אַ זוּהְן
צוּ זֵיין עֶלְטֶער:
8 אוּנְד דָאס קִינְד אִיז גְרוֹיס גֶעוָוארֶען,
אוּנְד עֶר אִיז עֶנְטוֵוינְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד
אַבְרָהָם הָאט גֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶע מָאלְ־
צֵייט אַן דֶעם טָאג וֶוען יִצְחָק אִיז עֶנְט־
וֵוינְט גֶעוָוארֶען:
9 אוּנְד שָׂרָה הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם זוּהְן
פוּן הָגָר דִיא מִצְרִית, וָואס זִיא הָאט
גֶעוְואוּנֶען צוּ אַבְרָהָם, אַז עֶר שְׁפִּילְט:
10 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַבְרָהָם,
פֶערְטְרֵייבּ דִיא דָאזִיגֶע דִינְסְט אוּנְד אִיהְר
זוּהְן, דֶען דֶער זוּהְן פוּן דִיא דָאזִיגֶע
דִינְסְט זָאל נִיט יַרְשֶׁענֶען מִיט מֵיין זוּהְן,
מִיט יִצְחָק:
11 אוּנְד דִיא זַאךְ אִיז דֶעם אַבְרָהָם
זֵייעֶר שְׁלֶעכְט גֶעפֶעלֶען פוּן וֶועגֶען זֵיין
זוּהְן:

12 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַבְרָהָם,
עֶס זָאל נִיט שְׁלֶעכְט זַיין אִין דַיינֶע
אוֹיגֶען וֶועגֶען דֶעם יוּנְג, אוּנְד וֶועגֶען
דַיין דִינְסְט. אַלֶעס וָואס שָׂרָה וֶועט
זָאגֶען צוּ דִיר, הֶער צוּ אִיהְר קוֹל, דֶען
אִין יִצְחָק וֶועלֶען דַיינֶע זָאמֶען גֶערוּפֶען
וֶוערֶען:
13 אוּנְד דֶעם זוּהְן פוּן דֶער דִינְסְט,
אוֹיךְ אִיהְם וֶועל אִיךְ מַאכֶען צוּ
אֵיין פָאלְק, ווייל עֶר אִיז דַיין
זָאמֶען:
14 אוּנְד אַבְרָהָם אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
גַאנְץ פְרִיה, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען בְּרוֹיט
אוּנְד אֵיין לָאגִיל מִיט וַואסֶער, אוּנְד
עֶר הָאט עֶס גֶעגֶעבֶען צוּ הָגָר, עֶר
הָאט עֶס גֶעלֵייגְט אוֹיף אִיהְר אַקְסֶעל,
אוּנְד דָאס קִינְד, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְר
אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד זִיא אִיז גֶעגַאנְ-
גֶען, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ פֶערְאִירְט אִין
דֶער ווִיסְטֶע (מִדְבָּר) פוּן בְּאֵר שָׁבַע:
15 אוּנְד וֶוען דָאס וַואסֶער פוּן דֶעם
לָאגִיל הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזְט, אַזוֹי
הָאט זִיא דָאס קִינְד אַוֶועק גֶעוָוארְפֶען
אוּנְטֶער אֵיינֶע פוּן דִיא שְׁטְרָאצוּנְגֶען:
16 אוּנְד זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט
זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט אַנְטְקֶעגֶען אִיבֶּער
פוּן ווייטֶען, אַזוֹי ווייט וִויא אֵיין שָׁאס
פוּן אַ בּוֹיגֶען, דֶען זִיא הָאט גֶעזָאגְט,
אִיךְ וִויל נִיט צוּ זֶעהֶען וִויא דָאס קִינְד
שְׁטַארְבְּט, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶעגֶענְאִיבֶּער
גֶעזֶעצְט, אוּנְד זִיא הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
אִיהְר קוֹל, אוּנְד זִיא הָאט גֶעווֵיינְט:
12 אוּנְד גָאט הָאט גֶעהֶערְט דָאס
קוֹל פוּן דֶעם יוּנְג, אוּנְד דֶער מַלְאַךְ
פוּן גָאט הָאט גֶערוּפֶען צוּ הָגָר פוּן
דֶעם הִימֶעל, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר
גֶעזָאגְט, וָואס אִיז צוּ דִיר הָגָר? הָאבּ
קֵיין פָארְכְט, דֶען גָאט הָאט גֶעהֶערְט
צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם יוּנְג וְואוּ עֶר
אִיז דָארְטֶען:
18 שְׁטֵייא אוֹיף, הֵייבּ אוֹיף דֶעם יוּנְג,
אוּן נֶעם אִיהְם אָן מִיט דַיין הַאנְד,
דֶען צוּ אֵיין גְרוֹיס פָאלְק וֶועל אִיךְ
אִיהְם מַאכֶען:
19 אוּנְד גָאט הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט
אִיהְרֶע אוֹיגֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען
אֵיין בְּרוּנֶען מִיט וַואסֶער, אוּנְד זִיא
אִיז אַהִין גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זִיא הָאט
אָנְגֶעפִילְט דָאס לָאגִיל מִיט וַואסֶער,
אוּנְד זִיא הָאט אָנְגֶעטְרוּנְקֶען דֶעם
יוּנְג:
20 אוּנְד גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם
יוּנְג, אוּנְד עֶר אִיז גְרוֹיס גֶעוָוארֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין דֶער
ווִיסְטֶע (מִדְבָּר), אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען
אֵיין בּוֹיגֶען שִׁיסֶער:
21 אוּנְד עֶר הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין דֶער
ווִיסְטֶע פוּן פָּארָן, אוּנְד זַיין מוּטֶער
הָאט גֶענוּמֶען צוּ אִיהְם אַ ווייבּ פוּן
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:
22 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער
זֶעלְבֶּער צֵייט, אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט
גֶעזָאגְט אוּנְד פִיכֹל דֶער פִירְשְׁט פוּן
זַיין הֶערְשַׁאר, צוּ אַבְרָהָם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
גָאט אִיז מִיט דִיר אִין אַלֶעס וָואס דוּא
טְהוּסְט:
23 אוּנְד יֶעצְט שְׁוֶוער מִיר הִיר בֵּייא
גָאט, אוֹיבּ דוּא וֶועסְט צוּ מִיר פַאלְשׁ
זַיין, אוּנְד צוּ מֵיינֶע קִינְדֶער אוּנְד
אֵיינִיקְלֶעךְ, נָאךְ דֶער גְנָאד וָואס אִיךְ
הָאבּ מִיט דִיר גֶעטְהוּן, זָאלְסְטוּ טְהוּן
מִיט מִיר, אוּן מִיט דֶעם לַאנְד וָואס
דוּא הָאסְט גֶעוְואוֹינְט דְרִינֶען:
24 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ

וָועל שְׁוָוערֶען:
25 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט דֶעם אֲבִימֶלֶךְ
גֶעשְׁטְרָאפְט וֶועגֶען דֶעם בְּרוּנֶען מִיט
וַואסֶער, וָואס דִיא קְנֶעכְט פוּן אֲבִימֶלֶךְ
הָאבֶּען גֶערוֹיבְט:
26 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ
ווייס נִיט וֶוער עֶס הָאט גֶעטְהוּן דִיזֶע
זַאךְ, אוּנְד אוֹיךְ דוּא, דוּא הָאסְט מִיר נִיט
דֶערפוּן גֶעזָאגְט אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס
אוֹיךְ נִיט גֶעהֶערְט, בִּיז הֵיינְט:
27 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶענוּמֶען שָׁאף
אוּנְד רִינְדֶער, אוּנְד עֶר הָאט עֶס
גֶעגֶעבֶּען צוּ אֲבִימֶלֶךְ, אוּנְד זֵייא
בֵּיידֶע הָאבֶּען פֶערְשְׁנִיטֶען אֵיין בּוּנְד:
28 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעשְׁטֶעלְט
זִיבֶּען לֶעמֶער פוּן דִיא שָׁאף בֶּעזוּנְדֶער:
29 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אַבְרָהָם, וָואס בֶּעדֵייטֶען הִיר דִיזֶע
זִיבֶּען לֶעמֶער, וָואס דוּא הָאסְט גֶעשְׁ־
טֶעלְט בֶּעזוּנְדֶער?
30 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס דוּא
זָאלְסְט גֶעמֶען דִיא זִיבֶּען שָׁאף פוּן
מֵיין הַאנְד, פוּן וֶועגֶען עֶס זָאל זַיין
צוּ מִיר פִיר אֵיין צֵייגֶענִיס, דָאס אִיךְ
הָאבּ דִיזֶען בְּרוּנֶען גֶעגְרָאבֶּען:
31 דָארוּם הָאט מֶען גֶערוּפֶען יֶענֶעם
אָרְט בְּאֵר שָׁבַע, דֶען דָארְטֶען הָאבֶּען
בֵּיידֶע גֶעשְׁוָוארֶען:
32 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען אֵיין בּוּנְד
פֶערשְׁנִיטֶען אִין בְּאֵר שָׁבַע, אִיז אֲבִימֶלֶךְ
אוּנְד פִיכֹל דֶער פִירְשְׁט פוּן זַיין הֶער,
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיק
גֶעקֶעהְרְט צוּ דֶעם לַאנְד פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים:
33 אוּנְד עֶר הָאט גֶעפְלַאנְצְט אֵיין
לִינְדֶען בּוֹים אִין בְּאֵר שָׁבַע, אוּן עֶר
הָאט דָארְט אָנְגֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען
פוּן דֶעם הַאר (גָאט), דֶעם אֵייבִּיגֶען
גָאט:
34 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין
דֶעם לַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים פִילֶע טֶעג:

## קאפיטעל כב

א אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דִיזֶע
זַאכֶען, אוּנְד גָאט הָאט דֶעם
אַבְרָהָם גֶעפְּרוּבְט, אוּנְד עֶר הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, אַבְרָהָם! אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט הִיר בִּין אִיךְ:
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נֶעם נוּן
דֵיין זוּהְן, דֵיין אֵיינְצִיגֶען, וָואס דוּא
הָאסְט לִיבּ, דֶעם יִצְחָק, אוּנְד גֵייא דוּא
אַהִין צוּ דֶעם לַאנְד מוֹרִיָה, אוּנְד בְּרֵיינְג
אִיהְם דָארְטֶען אוֹיף אַלְס אֵיין בְּרַאנְד־
אָפְּפֶער, אוֹיף אֵיינֶעם פוּן דִיא בֶּערְג
וָואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען:
3 אוּנְד אַבְרָהָם אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
פְּרִיה, אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעזָאטֶעלְט
זַיין אֵייזֶעל, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען
מִיט זִיךְ זַיינֶע צְווייא יוּנְגֶען, אוּנְד
דֶעם יִצְחָק זַיין זוּהְן, אוּנְד עֶר הָאט
צוּשְׁפָּאלְטֶען הָאלְץ פַאר דֶעם בְּרַאנְד־
אָפְּפֶער, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם אָרְט
וָואס גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט:
4 אַן דֶעם דְרִיטֶען טָאג הָאט אַבְרָהָם
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם אָרְט פוּן וֵוייטֶען:
5 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע
יוּנְגֶען, בְּלֵייבְּט אִיהְר הִיר מִיט דֶעם
אֵייזֶעל, אוּנְד אִיךְ אוּנְד דֶער יוּנְג, מִיר
וֶועלֶען בִּיז דָארְט אַהִין גֵיין, אוּנְד מִיר
וֶועלֶען זִיךְ בִּיקֶען, אוּנְד מִיר וֶועלֶען
צוּרִיק קֶערֶען צוּ אֵייךְ:
6 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶענוּמֶען דָאס
הָאלְץ פַאר דֶעם בְּרַאנְד־אָפְּפֶער,
אונד

אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעלֵייגְט אוֹיף זַיין
זוּהְן יִצְחָק, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען
אִין זַיין הַאנְד דָאס פֵייעֶר אוּנְד דָאס
מֶעסֶער, אוּנְד זַייא זֶענֶען בֵּיידֶע גֶער
גַאנְגֶען צוּזַאמֶען :
7 אוּנְד יִצְחָק הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין
פָאטֶער אַבְרָהָם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
מַיין פָאטֶער ! אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
הִיר בִּין אִיךְ מַיין זוּהְן, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, וֶועה דָא אִיז דָאס פֵייעֶר אוּנְד
דָאס הָאלְץ, אָבֶּער וְואוּ אִיז דָאס
לַאם צוּם בְּרַאנְד־אָפְּפֶער ?
8 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעזָאגְט, גָאט
וֶועט שׁוֹין דֶערְזַעהֶען צוּ זִיךְ דָאס לַאם
צוּ דֶעם בְּרַאנְד־אָפְּפֶער, מַיין זוּהְן,
אוּנְד זַייא זֶענֶען בֵּיידֶע גֶעגַאנְגֶען צוּ־
זַאמֶען :
9 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם
אָרְט, וָואס גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אוּנְד אַבְרָהָם הָאט דָארְטֶען גֶעבּוֹיעֶט
אַיין מִזְבֵּחַ, אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶערִיכְטֶעט
דָאס הָאלְץ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוּנְדֶען
זַיין זוּהְן יִצְחָק, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם
גֶעלֵייגְט אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ אוֹיבֶען אוֹיף
דֶעם הָאלְץ :
10 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט
זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען
דָאס מֶעסֶער צוּ שֶׁעכְטֶען זַיין זוּהְן :
11 אוּנְד דֶער מַלְאַךְ פוּן דֶעם הַאר
(גָאט) הָאט גֶערוּפֶען צוּ אִיהְם פוּן דֶעם
הִימֶעל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אַבְרָהָם !
אַבְרָהָם ! אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הִיר
בִּין אִיךְ :
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט
נִיט אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען דַיין הַאנְד צוּ דֶעם
יוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם גָארְנִיט
טְהוּן, דֶען יֶעצְט וַוייס אִיךְ אַז דוּא
פִירְכְטֶעסְט גָאט, אוּנְד דוּא הָאסְט נִיט
פֶערְמִיטֶען דַיין זוּהְן, דַיין אֵיינְצִיגֶען
פוּן מִיר :
13 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶען
זַיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען,
אוּנְד נוּן, אַיין ווִידְדֶער (בַּארַאן) אִיז
גֶעוֶועזֶען הִינְטֶערְוֶוערְטְס עֶרְגְרִיפֶען בַּייא
זַיינֶע הֶערְנֶער אִין דִיא דֶערְנֶער,
אוּנְד אַבְרָהָם אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר
הָאט גֶענוּמֶען דֶעם ווִידְדֶער, אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אַלְס אַיין
בְּרַאנְד אָפְּפֶער אָנְשְׁטָאט זַיין זוּהְן :
14 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶערוּפֶען דֶעם
זֶעלְבֶּען אָרְט „יְהוה יִרְאֶה,” וָואס עֶס
וֶוערְט נָאךְ הַיינְט גֶעזָאגְט, אוֹיף דֶעם
בַּארְג וְואוּ דֶער הַאר (גָאט) וֶוערְט
גֶעזֶעהֶען :
15 אוּנְד דֶער מַלְאַךְ פוּן דֶעם הַאר
(גָאט) הָאט גֶערוּפֶען צוּ אַבְרָהָם דָאס
צְוֵוייטֶען מָאל פוּן דֶעם הִימֶעל :
16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בַּייא מִיר
זֶעלְבֶּער הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁוָוארֶען, זָאגְט
דֶער הַאר (גָאט), דֶען וַוייל דוּא הָאסְט
דִיזֶע זַאךְ גֶעטְהוּן, אוּנְד דוּא הָאסְט
נִיט פֶערְמִיטֶען דַיין זוּהְן, דַיין אֵיינְצִיגֶען :
17 דָארוּם בֶּענְשֶׁען וֶועל אִיךְ דִיךְ בֶּענְ-
שֶׁען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֶעהְר פֶערמֶעהְרֶען
דַיינֶע זָאמֶען, אַזוֹי וִויא דִיא שְׁטֶערֶען
פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד אַזוֹי וִויא דֶער
זַאנְד וָואס אִיז בַּייא דֶעם בָּארְטֶען פוּן
דֶעם יַם, אוּנְד דַיינֶע זָאמֶען וֶועלֶען
יַרְשְׁנֶען דָאס טָאהְר פוּן זַיירֶע פַיינְד :
18 אוּנְד עֶס וֶועלֶען זִיךְ בֶּענְשֶׁען אִין
דַיינֶע זָאמֶען, אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן דֶער
עֶרְד, וַוייל דוּא הָאסְט צוּגֶעהֶערְט צוּ
מַיין קוֹל :
19 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט זִיךְ צוּרִיק

גֶעקֶערְט צוּ זַיינֶע יוּנְגֶען, אוּנְד זַייא זֶע֞ען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען צוּזַאמֶען נָאךְ בְּאֵר שָׁבַע. אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין בְּאֵר שָׁבַע :

20 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דִיזֶע זַאכֶען, אוּנְד עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ אַבְרָהָם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֶעה מִלְכָּה אוֹיךְ זִיא, הָאט גֶעבָּארֶען קִינְדֶער צוּ נָחוֹר דֵיין בְּרוּדֶער :

21 דֶעם עוּץ זַיין עֶרְשְׁט־גֶעבָּארֶענֶען, אוּנְד דֶעם בּוּז זַיין בְּרוּדֶער, אוּנְד דֶעם קְמוּאֵל דֶער פָּאטֶער פוּן אֲרָם :

22 אוּנְד דֶעם כֶּשֶׂד, אוּנְד דֶעם חֲזוֹ, אוּנְד דֶעם פִּלְדָשׁ, אוּנְד דֶעם יִדְלָף, אוּנְד דֶעם בְּתוּאֵל :

23 אוּנְד בְּתוּאֵל הָאט גֶעבָּארֶען דִיא רִבְקָה. דִיזֶע אַכְט הָאט מִלְכָּה גֶעבָּארֶען צוּ נָחוֹר, דֶער בְּרוּדֶער פוּן אַבְרָהָם :

24 אוּנְד זַיין קֶעבְּס־וַוייבּ, אוּנְד אִיהְר נָאמֶען אִיז גֶעוֶועזֶען רְאוּמָה. אוּנְד זִיא הָאט אוֹיךְ גֶעבָּארֶען דֶעם טֶבַח, אוּנְד דֶעם גַחַם, אוּנְד דֶעם תַּחַשׁ, אוּנְד דֶעם מַעֲכָה :

## קאפיטעל כג

### חיי שרה

א אוּנְד דָאס לֶעבֶּען פוּן שָׂרָה אִיז גֶעוֶועזֶען, הוּנְדֶערְט אוּנְד זִיבֶּען אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהר, דִיא לֶעבֶּענְס יָאהְרֶען פוּן שָׂרָה :

2 אוּנְד שָׂרָה אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין קִרְיַת אַרְבַּע, דָאס אִיז חֶבְרוֹן, אִין דֶעם לַאנְד כְּנָעַן, אוּנְד אַבְרָהָם אִיז גֶעקוּמֶען צוּ בֶּעקְלָאגֶען שָׂרָה, אוּנְד זִיא צוּ בֶּעוַויינֶען :

3 אוּנְד אַבְרָהָם אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן פַאר זַיין טוֹיטֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן חֵת, אַזוֹי צוּ זָאגֶען :

4 אֵיין פְרֶעמְדְלִינְג אוּנְד אֵיין אֵיינְוואוֹינֶער בִּין אִיךְ מִיט אֵייךְ, גִיבְּט מִיר דֶעם בֶּעזִיץ פַאר אֵיין בֶּעגְרֶעבֶּענִיס מִיט אֵייךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל מֵיין טוֹיטֶען בֶּעגְרָאבֶּען פוּן פַאר מִיר :

5 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן חֵת הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶעם אַבְרָהָם, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט :

6 הֶער אוּנְס צוּ, מֵיין הֶער ! דוּא בִּיסְט אֵיין פִירְשְׁט פוּן גָאט צְווִישֶׁען אוּנְס, אִין דֶעם אוֹיסְדֶערְוֶוילְטֶען פוּן אוּנְזֶער בֶּעגְרֶעבֶּענִיס, בֶּעגְרָאבּ דֵיין טוֹיטֶען, קֵיין מַאן פוּן אוּנְס וֶועט נִיט פֶערְמֵיידֶען זַיין בֶּעגְרֶעבֶּענִיס פוּן דִיר, דֵיין טוֹיטֶען צוּ בֶּעגְרָאבֶּען :

7 אוּנְד אַבְרָהָם אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶעם פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן חֵת :

8 אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ זַייא אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען עֶס אִיז אִין אֵייעֶר ווִילֶען צוּ בֶּעגְרָאבֶּען מֵיין טוֹיטֶען פוּן פַאר מִיר, הֶערְט מִיךְ צוּ, אוּנְד בֶּעט פוּן מֵיינֶעטְוֶועגֶען בֵּייא עֶפְרוֹן דֶעם זוּהְן פוּן צוֹחַר :

9 אַז עֶר זָאל מִיר גֶעבֶּען דִיא הֵייל פוּן מַכְפֵּלָה, וָואס גֶעהֶערְט צוּ אִיהְם, וָואס אִיז אִין דֶעם עֶנְדֶע פוּן זַיין פֶעלְד, פַאר פוּלֶעם גֶעלְט זָאל עֶר עֶס גֶעבֶּען צוּ מִיר, צְווִישֶׁען אֵייךְ, צוּ אֵיין בֶּעזִיץ פוּן אֵיין בֶּעגְרֶעבֶּענִיס :

10 אוּנְד עֶפְרוֹן הָאט גֶעוְואוֹינְט צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער פוּן חֵת, אוּנְד עֶפְרוֹן דֶער חִתִּי הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶעם אַבְרָהָם אִין דִיא אוֹירֶען פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן

חֵת, צוּ דִיא אַלֶע וָואס קוּמֶען צוּ דֶעם
טוֹיעֶר פוּן זַיין שְׁטָאט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
11 נֵיין, מֵיין הַאר! הֶער מִיךְ צוּ,
דָאס פֶעלְד גִיבּ אִיךְ דִיר, אוּנְד דִיא
הֵייל וָואס אִיז דְרִינֶען וֶועל אִיךְ דִיר
גֶעבֶּען, פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא
קִינְדֶער פוּן מֵיין פָאלְק הָאבּ אִיךְ זִיא
דִיר גֶעגֶעבֶּען, בֶּעגְרָאבּ דֵיין טוֹיטֶען:
12 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט
פַאר דֶעם פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד:
13 אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ עֶפְרוֹן
אִין דִיא אוֹירֶען פוּן דֶעם פָאלְק פוּן
דֶעם לַאנְד, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען דוּא
ווילְסְט נוּר מִיךְ צוּהֶערֶען, אַזוֹי גִיבּ
אִיךְ דִיר גֶעלְט פַאר דֶעם פֶעלְד, נֶעם
עֶס פוּן מִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל דָארְטֶען
בֶּעגְרָאבֶּען מֵיין טוֹיטֶען:
14 אוּנְד עֶפְרוֹן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
דֶעם אַבְרָהָם אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט:
15 מֵיין הַאר! הֶער מִיךְ צוּ, אֵיין
לַאנְד פוּן פִיעֶר הוּנְדֶערְט זִילְבֶּערְנֶע
שְׁקָלִים, צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד צְווִישֶׁען
דִיר וָואס אִיז עֶס? אוּנְד בֶּעגְרָאבּ דֵיין
טוֹיטֶען:
16 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעהֶערְט צוּ
עֶפְרוֹן, אוּנְד אַבְרָהָם הָאט אָבְּגֶעוֶועגֶען
צוּ עֶפְרוֹן דָאס גֶעלְט וָואס עֶר הָאט
גֶערֶעט אִין דִיא אוֹירֶען פוּן דִיא קִינְדֶער
פוּן חֵת, פִיעֶר הוּנְדֶערְט זִילְבֶּערְנֶע
שְׁקָלִים, וָואס גֵייט צְווִישֶׁען דִיא
סוֹחֲרִים:
17 אוּנְד עֶס אִיז בֶּעשְׁטֶעטִיגְט גֶעוָוא־
רֶען דָאס פֶעלְד פוּן עֶפְרוֹן, וָואס אִיז
אִין מַכְפֵּלָה, וָואס אִיז פַאר מַמְרֵא, דָאס
פֶעלְד אוּנְד דִיא הֵייל וָואס אִיז דְרִינֶען,
אוּנְד אַלֶע בּוֹימֶער וָואס זֶענֶען אִין דֶעם
פֶעלְד, וָואס רִינְגֶעלְן אַרוּם אִין זַיינֶע
גַאנְצֶע גְרֶענֶעץ:
18 צוּ אַבְרָהָם צוּ אֵיין קוֹיפוּנְג, פַאר
דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן חֵת,
אוּנְד אַלֶע דִיא וָואס קוּמֶען אִין דֶעם
טוֹיעֶר פוּן זַיין שְׁטָאט:
19 אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאט אַבְרָהָם זַיין
ווייבּ שָׂרָה בֶּעגְרָאבֶּען אִין דֶער הֵייל
פוּן דֶעם פֶעלְד מַכְפֵּלָה, וָואס אִיז פַאר
מַמְרֵא, דָאס אִיז חֶבְרוֹן, אִין דֶעם
לַאנְד כְּנָעַן:
20 אוּנְד עֶס אִיז בֶּעשְׁטֶעטִיגְט גֶעוָואר־
רֶען דָאס פֶעלְד אוּנְד דִיא הֵייל וָואס
אִיז דְרִינֶען, צוּ אַבְרָהָם צוּ אֵיין
בֶּעזִיץ פוּן אֵיין בֶּעגְרֶעבֶּענִים, פוּן דִיא
קִינְדֶער פוּן חֵת:

## קאפיטעל כד

א אוּנְד אַבְרָהָם אִיז אַלְט גֶעוָוארֶען,
אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין דִיא טֶעג,
אוּנְד דֶער הַאר (גָאט) הָאט גֶעבֶּענְשְׁט
דֶעם אַבְרָהָם אִין אַלֶעם:
2 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין
קְנֶעכְט, דֶער עֶלְצְטֶער פוּן זַיין הויז,
וָואס הָאט גֶעוֶועלְטִיגְט אִיבֶּער אַלֶעם
וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט, טוּה, אִיךְ בֶּעט
דִיךְ, דֵיין הַאנְד אוּנְטֶער מֵיין דִיכְט:
3 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ בֶּעשְׁוֶוערֶען
בֵּייא דֶעם הַאר, דֶעם גָאט פוּן דֶעם
הִימֶעל אוּנְד דֶעם גָאט פוּן דֶער עֶרְד,
אַז דוּא זָאלְסְט נִיט גֶעמֶען אֵיין ווייבּ
צוּ מֵיין זוּהְן פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן
דֶעם כְּנַעֲנִי, וָואס אִיךְ וְואוֹין צְווִישֶׁען
אִיהְם:
4 נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט גֵיין צוּ מֵיין
לַאנְד אוּנְד צוּ מֵיין גֶעבּוּרְט, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט גֶעמֶען אֵיין ווייבּ צוּ מֵיין
זוּהְן צוּ יִצְחָק:

אוּנד

5 אוּנְד דֶער קְנֶעכְט הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, פִילֵייכְט וֶועט דָאס ווייבּ נִיט
וֶועלֶען מִיר נָאךְ גֵיין צוּ דִיזֶעם
לַאנְד, זָאל אִיךְ דֶען צוּרִיק קֶערֶען
דֵיין זוּהְן צוּ דֶעם לַאנְד פוּן וַואנֶענְט
דוּא בִּיסְט אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען?
6 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, הִיט דִיךְ, דָאס דוּא זָאלְסְט נִיט
צוּרִיק קֶערֶען מֵיין זוּהְן דָארְט אַהִין:
7 דֶער הַאר, גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל,
וָואס הָאט מִיךְ גֶענוּמֶען פוּן דֶעם
הוֹיז פוּן מֵיין פָאטֶער, אוּנְד פוּן דֶעם
לַאנְד פוּן מֵיין גֶעבּוּרְט, אוּנְד וָואס
הָאט צוּ מִיר גֶערֶעט, אוּנְד וָואס הָאט
צוּ מִיר גֶעשְׁוָואהרֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
צוּ דֵיינֶע זָאמֶען וֶועל אִיךְ דִיזֶעס
לַאנְד גֶעבֶּען, עֶר וֶועט זֵיין מַלְאָךְ
שִׁיקֶען פַאר דִיר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
נֶעמֶען אֵיין ווייבּ צוּ מֵיין זוּהְן פוּן
דָארְטֶען:
8 אוּנְד וֶוען דָאס ווייבּ וֶועט נִיט
וֶועלֶען דִיר נָאךְ גֵיין, אַזוֹי זָאלְסְטוּ פְרֵייא
זֵיין פוּן דִיזֶע מֵיינֶע שְׁבוּעָה, נֵייעֶרְט
מֵיין זוּהְן זָאלְסְטוּ נִיט צוּרִיק קֶערֶען,
דָארְט אַהִין:
9 אוּנְד דֶער קְנֶעכְט הָאט גֶעטְהוּן
זֵיין הַאנְד אוּנְטֶער דֶעם דִיכְט פוּן
אַבְרָהָם זֵיין הַאר, אוּנְד עֶר הָאט צוּ
אִיהְם גֶעשְׁוָואהרֶען, אוֹיף דִיזֶער זַאךְ:
10 אוּנְד דֶער קְנֶעכְט הָאט גֶענוּמֶען
צֶעהְן קֶעמְלֶען פוּן דִיא קֶעמְלֶען פוּן
זֵיין הַאר, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד אַלֶעס גוּטְס פוּן זֵיין הַאר
אִיז גֶעוֶועזֶען אִין זֵיין הַאנְד, אוּנְד עֶר
אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר אִיז גֶע־
גַאנְגֶען נָאךְ אֲרַם־נַהֲרַיִם, צוּ דִיא שְׁטָאט
פוּן נָחוֹר:

11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא
קֶעמְלֶען נִידֶער קְנִיעֶן, אִין דְרוֹיסֶען פוּן
דֶער שְׁטָאט, בֵּייא דֶעם בְּרוּנֶען פוּן
וַואסֶער אִין דֶער אָבֶענְד־צֵייט, צוּ דֶער
צֵייט אַז דִיא שֶׁעפְּפֶערִנְס פְּלֶעגֶען
אַרוֹיס־גֵיין:
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַךְ הַאר!
דוּא גָאט פוּן מֵיין הַאר אַבְרָהָם,
מַאךְ נוּן טְרֶעפֶען פַאר מִיר הֵיינְט,
אוּנְד טוּה גְנָאד מִיט מֵיין הַאר
אַבְרָהָם:
13 נוּן אִיךְ שְׁטֵייא אַצוּנְד בֵּייא דֶעם
קְוַואל פוּן וַואסֶער, אוּנְד דִיא טֶעכְטֶער
פוּן דִיא לֵייט פוּן דֶער שְׁטָאט גֵייעֶן
אַרוֹיס וַואסֶער צוּ שֶׁעפְּפֶען:
14 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין, דָאס מֵיידֶעל
וָואס אִיךְ וֶועל צוּ אִיהְר זָאגֶען, אִיךְ
בֶּעט דִיךְ, נֵייג דֵיין קְרוּג אוּנְד אִיךְ
וֶועל טְרִינְקֶען, אוּנְד זִיא וֶועט זָאגֶען,
טְרִינְק דוּא, אוּנְד אוֹיךְ דֵיינֶע קֶעמְלֶען
וֶועל אִיךְ אָנְטְרִינְקֶען, דִיזֶע הָאסְטוּ
אוֹיסֶערְוֶוועהְלְט צוּ דֵיין קְנֶעכְט, צוּ יִצְחָק,
אוּנְד דוּרְךְ אִיהְר וֶועל אִיךְ וִויסֶען אַז
דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן גְנָאד מִיט מֵיין
הַאר:
15 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אֵיידֶער
עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ רֵיידֶען, אוּנְד
נוּן, רִבְקָה אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, וָואס
אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען צוּ בְּתוּאֵל דֶער
זוּהְן פוּן מִלְכָּה, דָאס ווייבּ פוּן נָחוֹר,
דֶער בְּרוּדֶער פוּן אַבְרָהָם, אוּנְד אִיהְר
קְרוּג אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף אִיהְר שׁוּלְטֶער:
16 אוּנְד דָאס מֵיידֶעל אִיז גֶעוֶועזֶען
זֶעהְר שֵׁיין פוּן אָנְזֶעהֶען, אֵיינֶע יוּנְג־פְרוֹיא
(בְּתוּלָה) אוּנְד קֵיין מַאן הָאט אִיהְר
נִיט גֶעקַאנְט, אוּנְד זִיא הָאט אַרָאפּ
גֶענִידֶערְט צוּ דֶעם קְוַואל, אוּנְד זִיא
הָאט

הָאט אָנְגֶעפִּילְט אִיהְר קְרוּג, אוּנְד זִיא אִיז אַרוּיף גֶעגַאנְגֶען :

17 אוּנְד דֶער קְנֶעכְט אִיז אִיהְר עֶנְטְגֶעגֶען גֶעלָאפֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, לָאז מִיךְ טְרִינְקֶען, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, אַ בִּיסֶעל וַואסֶער פוּן דֵיין קְרוּג :

18 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, טְרִינְק מֵיין הַאר, אוּנְד זִיא הָאט גֶעאֵיילְט, אוּנְד זִיא הָאט אַרָאפְּגֶענִידֶערְט אִיהְר קְרוּג, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם אָנְגֶעטְרוּנְקֶען :

19 אוּנְד אַז זִיא הָאט גֶעעֶנְדִיגְט אִיהְם אָנְצוּטְרִינְקֶען, הָאט זִיא גֶעזָאגְט, אוּנְד אוֹיךְ פַאר דֵיינֶע קֶעמְלֶען וֶועל אִיךְ אָנְשֶׁעפֶּען, בִּיז זֵייא וֶועלֶען אוֹיפְהֶערֶען צוּ טְרִינְקֶען :

20 אוּנְד זִיא הָאט גֶעאֵיילְט אוּנְד זִיא הָאט אוֹיסְגֶעלֵיידִיגְט אִיהְר קְרוּג אִין דֶער קָארֶעטֶע, אוּנְד זִיא אִיז גֶעלָאפֶען נָאךְ אַמָאל צוּ דֶעם קְוַואל אָנְצוּשֶׁעפֶּען, אוּנְד זִיא הָאט אָנְגֶעשֶׁעפְּט פַאר אַלֶע זֵיינֶע קֶעמְלֶען :

21 אוּנְד דֶער מַאן הָאט זִיךְ פַארְוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער אִיהְר, אוּנְד הָאט גֶעשְׁוִויגֶען, צוּ וִויסֶען אוֹיבּ דֶער הַאר (גָאט) הָאט בֶּעגְלִיקְט זֵיין וֶועג אָדֶער נִיט :

22 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז דִיא קֶעמְלֶען הָאבֶּען גֶעעֶנְדִיגְט צוּ טְרִינְקֶען, אַזוֹי הָאט דֶער מַאן גֶענוּמֶען אַ גָאלְדֶענֶעם נָאזְרִינְג, זֵיין גֶעוִויכְט אִיז גֶעוֶועזֶען אַ הַאלְבֶּער שֶׁקֶל, אוּנְד צְוֵוייא אָרֶעמְבֶּענְדֶער אוֹיף אִהְרֶע הֶענְד, צֶעהְן גָאלְדֶענֶע שְׁקָלִים זֵייעֶר גֶעוִויכְט :

23 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶועמֶעס טָאכְטֶער בִּיסְטוּ, זָאג עֶס מִיר אִיךְ בֶּעט דִיךְ ? אִיז אוֹיךְ אִין דֵיין פָאטֶערְס הוֹיז דָא אֵיין אָרְט פַאר אוּנְס צוּ אִיבֶּער גֶעכְטִיגֶען ?

24 אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דִיא טָאכְטֶער פוּן בְּתוּאֵל, דֶער זוּהְן פוּן מִלְכָּה, וָואס זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען צוּ נָחוֹר :

25 אוּנְד זִיא הָאט (וֵוייטֶער) צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אוֹיךְ שְׁטְרוֹי אוּנְד פִּיל פוּטֶער אִיז בֵּייא אוּנְס, אוֹיךְ אֵיין אָרְט צוּ אִיבֶּער גֶעכְטִיגֶען :

26 אוּנְד דֶער מַאן הָאט זִיךְ גֶענֵייגְט אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶעם הַאר (גָאט) :

27 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער הַאר, גָאט פוּן מֵיין הַאר אַבְרָהָם, וֶועלְכֶער הָאט נִיט פֶערְלָאזֶען זֵיינֶע גְנָאד, אוּנְד זֵיינֶע וָוארְהֵייט פוּן מֵיין הַאר, אִיךְ בִּין, אוֹיף דֶעם וֶועג, וָואס דֶער הַאר (גָאט) פִּירְט מִיךְ, צוּ דֶעם הוֹיז פוּן מֵיין הַאר'ס בְּרוּדֶער :

28 אוּנְד דָאס מֵיידֶעל אִיז גֶעלָאפֶען, אוּנְד הָאט עֶס עֶרְצֵיילְט צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אִיהְר מוּטֶער, וִויא דִיזֶע וֶוערְטֶער :

29 אוּנְד רִבְקָה הָאט גֶעהַאט אַ בְּרוּדֶער אוּנְד זֵיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶועזֶען לָבָן, אוּנְד לָבָן אִיז צוּ דֶעם מַאן אַרוֹיס גֶעלָאפֶען, צוּ דֶעם קְוַואל :

30 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען, דֶעם נָאזְרִינְג, אוּנְד דִיא אָרֶעמְבֶּענְדֶער אוֹיף דִיא הֶענְד פוּן זֵיין שְׁוֶועסְטֶער, אוּנְד אַלְס עֶר הָאט גֶעהֶערְט דִיא וֶוערְטֶער פוּן רִבְקָה זֵיין שְׁוֶועסְטֶער, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי הָאט דֶער מַאן צוּ מִיר גֶערֶעט, אַזוֹי אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם מַאן, אוּנְד נוּן, עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דִיא קֶעמְלֶען בֵּייא דֶעם קְוַואל :



אוּנְד

31 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, קוּם דוּא
גֶעבֶּענְשְׁטֶער פוּן דֶעם הַאר (גָאט),
פַאר וָואס שְׁטֵייסְטוּ אִין דְרוֹיסֶען, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ אוֹיסְגֶערוֹימְט דָאס הַויז,
אוּנְד אֵיין אָרְט פִיר דִיא קֶעמְלֶען:
32 אוּנְד דֶער מַאן אִיז אִין דֶעם הויז
אַרֵיין גֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט לוֹיז־
גֶעבּוּנְדֶען דִיא קֶעמְלֶען, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעגֶעבֶּען שְׁטְרוֹיא אוּנְד פוּטֶער צוּ דִיא
קֶעמְלֶען, אוּנְד וַואסֶער צוּ וַואשֶׁען זַיינֶע
פִּיס, אוּנְד דִיא פִּיס פוּן דִיא מֶענֶער
וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהְם:
33 אוּנְד מֶען הָאט פָארְגֶעלֵייגְט פַאר
אִיהְם צוּם עֶסֶען, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל נִיט עֶסֶען בִּיז אִיךְ
הָאבּ גֶערֶעט מֵיינֶע וֶוערְטֶער. אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, רֵייד:
34 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין
דֶער קְנֶעכְט פוּן אַבְרָהָם:
35 אוּנְד דֶער הַאר (גָאט) הָאט מֵיין
הַאר'ן גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנְד עֶר אִיז גְרוֹיס
גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶע־
בֶּען שָׁאף אוּנְד רִינְדֶער, זִילְבֶּער אוּנְד
גָאלְד, אוּנְד קְנֶעכְט אוּנְד דִינְסְטֶען,
אוּנְד קֶעמְלֶען אוּנְד אֵייזְלֶען:
36 אוּנְד שָׂרָה דָאס וַוייבּ פוּן מֵיין
הַאר, הָאט גֶעבָּארֶען אַ זוּהְן צוּ מֵיין
הַאר נָאךְ אִין אִיהר עֶלְטֶער, אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אַלֶעס וָואס עֶס
גֶעהֶערְט צוּ אִיהְם:
37 אוּנְד מֵיין הַאר הָאט מִיךְ בֶּעשְׁ־
וָוארֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דוּא זָאלְסְט
נִיט גֶעמֶען אֵיין וַוייבּ צוּ מֵיין זוּהְן פוּן
דִיא טֶעכְטֶער פוּן דֶעם כְּנַעֲנִי, וָואס
אִיךְ וְואוֹין אִין זֵיין לַאנְד:
38 נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט גֵיין צוּ דֶעם
הויז פוּן מֵיין פָאטֶער, אוּנְד צוּ מֵיין
מִשְׁפָּחָה, אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעמֶען אֵיין
וַוייבּ צוּ מֵיין זוּהְן:
39 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, צוּ מֵיין
הַאר, פִילֵייכְט וֶועט דָאס וַוייבּ מִיר
נִיט וֶועלֶען נָאכְגֵיין:
40 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
דֶער הַאר (גָאט) וָואס אִיךְ בִּין פַאר
אִיהְם גֶעגַאנְגֶען, עֶר וֶועט זֵיין מַלְאָךְ
מִיט דִיר שִׁיקֶען, אוּנְד עֶר וֶועט
בֶּעגְלִיקֶען דֵיין וֶועג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
גֶעמֶען אֵיין וַוייבּ צוּ מֵיין זוּהְן פוּן
מֵיינֶע מִשְׁפָּחָה אוּנְד פוּן מֵיין פָאטֶער'ס
הויז:
41 דַאמַאלְסְט זָאלְסְטוּ רֵיין זֵיין פוּן
מֵיין שְׁבוּעָה, וֶוען דוּא וֶועסְט קוּמֶען
צוּ מֵיין מִשְׁפָּחָה, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
דִיר נִיט גֶעבֶּען, אַזוֹי וֶועסְטוּ פְרֵייא
זֵיין פוּן מֵיין שְׁבוּעָה:
42 אוּנְד אִיךְ בִּין הֵיינְט גֶעקוּמֶען
צוּ דֶעם קְוַואל אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט,
הַאר (גָאט) דֶער גָאט פוּן מֵיין הַאר
אַבְרָהָם, אוֹיבּ דוּא ווילְסְט נוּן בֶּעגְלִיקֶען
מֵיין וֶועג וָואס אִיךְ גֵייא אוֹיף אִיהְם:
43 נוּן אִיךְ שְׁטֵייא בֵּייא דֶעם קְוַואל
פוּן וַואסֶער, אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין, דִיא
יוּנְגְפְרוֹיא (עַלְמָה) וָואס וֶועט אַרוֹיס־
קוּמֶען צוּ שֶׁעפֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זָאגֶען
צוּ אִיהר, לָאז מִיךְ טְרִינְקֶען, אִיךְ בֶּעט
דִיךְ, אַ בִּיסֶעל וַואסֶער פוּן דֵיין קְרוּג:
44 אוּנְד זִיא וֶועט זָאגֶען צוּ מִיר,
טְרִינְק, אוּנְד אוֹיךְ פִיר דֵיינֶע קֶעמְלֶען
וֶועל אִיךְ אָנְשֶׁעפֶּען, זִיא אִיז דָאס
וַוייבּ, וָואס דֶער הַאר (גָאט) הָאט
בֶּעשְׁטִימְט צוּ דֶעם זוּהְן פוּן מֵיין הַאר:
45 אִיךְ, אֵיידֶער אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהֶערְט
צוּ רֵיידֶען צוּ מֵיין הַארְצֶען, אוּנְד זֶעה,
אַזוֹי אִיז רִבְקָה אַרוֹיס גֶעקוּמֶען, אוּנְד


איהר

אִיהְר קְרוּג אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף אִיהְר שׁוּלְטֶער, אוּנְד זִיא הָאט אַרָאפּ גֶענִידֶערְט צוּ דֶעם קְוַואל אוּנְד זִיא הָאט אָנְגֶע־שֶׁעפְּט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לָאז מִיךְ טְרִינְקֶען:

46 אוּנְד זִיא הָאט גֶעאַיילְט, אוּנְד זִיא הָאט אַרוּנְטֶער גֶענִידֶערְט אִיהְר קְרוּג פוּן אִיהְר (שׁוּלְטֶער), אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, טְרִינְק, אוּנְד אוֹיךְ דַיינֶע קֶעמְלֶען וֶועל אִיךְ אָנְטְרִינְקֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנְד אוֹיךְ דִיא קֶעמְלֶען הָאט זִיא אָנְגֶעטְרוּנְקֶען:

47 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זִיא גֶעפְּרֶעגְט אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, וֶועמֶעס טָאכְטֶער בִּיסְטוּ? אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט דִיא טָאכְטֶער פוּן בְּתוּאֵל דֶער זוּהְן פוּן נָחוֹר, וָואס מִלְכָּה הָאט צוּ אִיהְם גֶעבּוֹירֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעטְהוּן דֶעם נָאז־רִינְג אוֹיף אִיהְר נָאז, אוּנְד דִיא אָרֶעמְבֶּענְדֶער אוֹיף אִיהְרֶע הֶענְד:

48 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶענֵייגְט אוּנְד הָאבּ מִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶעם הַאר (גָאט), אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם הַאר, דֶעם גָאט פוּן מֵיין הַאר אַבְרָהָם, וָואס הָאט מִיךְ גֶעפִירְט אוֹיף דֶעם וָואהְרֶען וֶועג צוּ נֶעמֶען דִיא טָאכְטֶער פוּן דֶעם בְּרוּדֶער פוּן מֵיין הַאר, צוּ זֵיין זוּהְן:

49 אוּנְד יֶעצְט, וֶוען אִיהְר ווִילְט טְהוּן גְנָאד אוּנְד וָוארְהֵייט מִיט מֵיין הַאר, זָאגְט עֶס מִיר, אוּנְד וֶוען נִיט, זָאגְט עֶס מִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ קֶערֶען אָדֶער צוּ דֶער רֶעכְטֶער־זֵייט אָדֶער צוּ דֶער לִינְקֶער־זֵייט:

50 אוּנְד לָבָן אוּנְד בְּתוּאֵל הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, פוּן דֶעם הַאר (גָאט) אִיז דִיא זַאךְ אַרוֹיס־גֶעגַאנְגֶען, מִיר קֶענֶען נִיט רֵיידֶען צוּ דִיר בֵּייזֶעס אָדֶער גוּטֶעס:

51 נוּן רִבְקָה אִיז פַאר דִיר, נֶעם אוּנְד גֵייא, אוּנְד זִיא זָאל זֵיין אֵיין ווַייבּ צוּ דֶעם זוּהְן פוּן דֵיין הַאר, אַזוֹי וִויא דֶער הַאר (גָאט) הָאט גֶערֶעדט:

52 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַז דֶער קְנֶעכְט פוּן אַבְרָהָם, הָאט גֶעהֶערְט זֵיירֶע וֶוערְטֶער, אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ בִּיז צוּ דֶער עֶרְד גֶעבִּיקְט צוּ דֶעם הַאר (גָאט):

53 אוּנְד דֶער קְנֶעכְט הָאט אַרוֹיס־גֶענוּמֶען גָאלְדֶענֶע גֶעפֶעס אוּנְד זִילְ־בֶּערְנֶע גֶעפֶעס אוּנְד קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ רִבְקָה, אוּנְד קָאסְטְבַּארֶע זַאכֶען הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּן צוּ אִיהְר בְּרוּדֶער, אוּנְד צוּ אִיהְר מוּטֶער:

54 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען, עֶר אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהְם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיבֶּער גֶענֶעכְטִיגְט, אוּנְד זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם מָארְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שִׁיקְט מִיךְ צוּ מֵיין הַאר:

55 אוּנְד אִיהְר בְּרוּדֶער אוּנְד אִיהְר מוּטֶער הָאבֶּען גֶעזָאגְט, לָאז דָאס מֵיידֶעל בֵּייא אוּנְס בְּלֵייבֶּען (אֵיינִיגֶע) טֶעג, אָדֶער צֶעהְן, דֶערְנָאךְ זָאלְסְטוּ גֵיין:

56 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר זָאלְט מִיךְ נִיט אוֹיפְהַאלְטֶען, דֶען דֶער הַאר (גָאט) הָאט בֶּעגְלִיקְט מֵיין וֶועג, שִׁיקְט מִיךְ אַוֶועק, אוּנְד אִיךְ וֶועל גֵיין צוּ מֵיין הַאר:

57 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר וֶועלֶען רוּפֶען דָאס מֵיידֶעל, אוּנְד מִיר וֶועלֶען פְרֶעגֶען פוּן אִיהְר מוֹיל:

58 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען רִבְקָה גֶערוּפֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
ווִילְסְטוּ גֵיין מִיט דִיזֶען מַאן? אוּנְד זִיא
הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ וִויל גֵיין:
59 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַוֶועק גֶעשִׁיקְט
דִיא רִבְקָה זֵיירֶע שְׁוֶועסְטֶער אוּנְד אִיהְר
זֵייג־אַם, אוּנְד דֶעם קְנֶעכְט פוּן אַבְרָהָם,
אוּנְד זֵיינֶע מֶענְשֶׁען:
60 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבֶּענְשְׁט דִיא
רִבְקָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְר
גֶעזָאגְט, אוּנְזֶער שְׁוֶועסְטֶער, דוּא
זָאלְסְט וֶוערֶען צוּ טוֹיזֶענְד מָאל צֶעהְן
טוֹיזֶענְד, אוּנְד דֵיינֶע זָאמֶען זָאלֶען
עֶרְבֶּען דָאס טוֹיעֶר פוּן דֵיינֶע פֵיינְד:
61 אוּנְד רִבְקָה אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד אִיהְרֶע מֵיידְלַאךְ, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶערִיטֶען אוֹיף דִיא קֶעמְלֶען,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען נָאךְ דֶעם
מַאן, אוּנְד דֶער קְנֶעכְט הָאט גֶענוּמֶען
דִיא רִבְקָה אוּנְד עֶר אִיז אַוֶועק־
גֶעגַאנְגֶען:
62 אוּנְד יִצְחָק אִיז גֶעקוּמֶען אַוְואוּ
מֶען קוּמְט פוּן דֶעם בְּרוּנֶען לַחַי רֹאִי,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין דֶעם
לַאנְד פוּן דָרוֹם־זֵייט:
63 אוּנְד יִצְחָק אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען
נָאךְ צוּ דֵיינְקֶען (צוּ בֶּעטֶען) אִין דֶעם
פֶעלְד גֶעגֶען אָבֶענְד, אוּנְד עֶר הָאט
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיינֶע אוֹיגֶען אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד נוּן, קֶעמְלֶען
קוּמֶען:
64 אוּנְד רִבְקָה הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
אִיהְרֶע אוֹיגֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען
דֶעם יִצְחָק, אוּנְד זִיא אִיז גֶעפַאלֶען
(אַרָאבְּגֶעשְׁטִיגֶען) פוּן דֶעם קֶעמֶעל:
65 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
קְנֶעכְט, וֶוער אִיז דִיזֶער מַאן וָואס
גֵייט אִין דֶעם פֶעלד עֶנְטְגֶעגֶען אוּנְס?
אוּנְד דֶער קְנֶעכְט הָאט גֶעזָאגְט, עֶר
אִיז מֵיין הַאר; אוּנְד זִיא הָאט גֶענוּמֶען
דֶעם שְׁלֵייעֶר אוּנְד הָאט זִיךְ בֶּעדֶעקְט:
66 אוּנְד דֶער קְנֶעכְט הָאט עֶרְצֵיילְט
צוּ יִצְחָק אַלֶע זַאכֶען וָואס עֶר הָאט
גֶעטְהוּן:
67 אוּנְד יִצְחָק הָאט אִיהְר גֶעבְּרַאכְט
אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן זֵיין מוּטֶער
שָׂרָה, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא
רִבְקָה, אוּנְד זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אִיהְם
צוּ אֵיין וֵייבּ, אוּנְד עֶר הָאט זִיא
לִיבּ גֶעהַאט, אוּנְד יִצְחָק הָאט זִיךְ
גֶעטְרֵייסט נָאךְ זֵיין מוּטֶער:

## קאפיטעל כה

א אוּנְד אַבְרָהָם הָאט ווִידֶער גֶענוּמֶען
אֵיין וֵייבּ, אוּנְד אִיהְר נָאמֶען אִיז
גֶעוֶועזֶען קְטוּרָה:
2 אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעבּוֹירֶען דֶעם
זִמְרָן, אוּנְד דֶעם יָקְשָׁן, אוּנְד דֶעם מְדָן,
אוּנְד דֶעם מִדְיָן, אוּנְד דֶעם יִשְׁבָּק,
אוּנְד דֶעם שׁוּחַ:
3 אוּנְד יָקְשָׁן הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם
שְׁבָא אוּנְד דֶעם דְדָן, אוּנְד דִיא קִינְדֶער
פוּן דְדָן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַשּׁוּרִים אוּנְד
לְטוּשִׁים אוּנְד לְאֻמִּים:
4 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן מִדְיָן, עֵיפָה
אוּנְד עֵפֶר אוּנְד חֲנוֹךְ אוּנְד אֲבִידָע
אוּנְד אֶלְדָעָה, אַלֶע דִיזֶע זֶענֶען דִיא
קִינְדֶער פוּן קְטוּרָה:
5 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעגֶעבֶּען אַלֶעס
וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט צוּ יִצְחָק:
6 אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא
קֶעבְּס־וֵוייבֶּער וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צוּ
אַבְרָהָם, הָאט אַבְרָהָם גֶעגֶעבֶּען גֶעשׁ־
שֶׁענְק, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַוֶועק־
גֶעשִׁיקְט פוּן יִצְחָק זֵיין זוּהְן אַלְס עֶר
האט

הָאט נָאךְ גֶעלֶעבּט, צוּר מִזְרַח־זַייט אִין דֶעם לַאנְד מִזְרַח (אֶרֶץ קֶדֶם):

7 אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען דִיא טֶעג פוּן דִיא יָאהְרֶען פוּן דֶעם לֶעבֶּען פוּן אַבְרָהָם, וָואס עֶר הָאט גֶעלֶעבְּט, הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף אוּנְד זִיבֶּעצִיג יָאהְר:

8 אוּנְד אַבְרָהָם אִיז פַארגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אִין אֵיין גוּטֶען עֶלְטֶער, אַלְט אוּנְד זַאט (מִיט יָאהְרֶען), אוּנְד עֶר אִיז אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט גֶעוָוארֶען צוּ זַיין פָאלְק:

9 אוּנְד יִצְחָק אוּנְד יִשְׁמָעֵאל זַיינֶע זִיהְן הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען, אִין דֶער הֵייל מַכְפֵּלָה אוֹיף דָאס פֶעלְד פוּן עֶפְרוֹן, דֶער זוּהְן פוּן צוֹחַר דֶער חִתִּי, וָואס אִיז פַאר מַמְרֵא:

10 דָאס פֶעלְד וָואס אַבְרָהָם הָאט גֶעקוֹיפְט פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן חֵת, דָארְטֶען אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען אַבְרָהָם אוּנְד שָׂרָה זַיין וַוייבּ:

11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶעם טוֹיט פוּן אַבְרָהָם, דָאס גָאט הָאט גֶעבֶּענְשְׁט זַיין זוּהְן יִצְחָק, אוּנְד יִצְחָק הָאט גֶעוְואוֹינְט בֵּייא דֶעם בְּרוּנֶען לַחַי רֹאִי:

12 אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען דִיא גֶעבּוּרְט פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׁמָעֵאל דֶער זוּהְן פוּן אַבְרָהָם, וָואס הָגָר דִיא מִצְרִית (פוּן מִצְרַיִם), דִיא דִינְסְט פוּן שָׂרָה, הָאט גֶעבּוֹירֶען צוּ אַבְרָהָם:

13 אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׁמָעֵאל, מִיט זַייעֶרֶע נֶעמֶען, נָאךְ זַייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, דֶער עֶרְשְׁט־גֶעבָּארֶענֶער פוּן יִשְׁמָעֵאל אִיז נְבָיוֹת, אוּנְד קֵדָר, אַדְבְּאֵל אוּנְד מִבְשָׂם:

14 אוּנְד מִשְׁמָע, אוּנְד דוּמָה, אוּנְד מַשָּׂא:

15 חֲדַד אוּנְד תֵימָה, יְטוּר נָפִישׁ אוּנְד קֵדְמָה:

16 דִיזֶע זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׁמָעֵאל, אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען זַייעֶרֶע נֶעמֶען אִין זַייעֶרֶע הֵייפֶער אוּנְד אִין זַייעֶרֶע פַּאלַאסְטֶען, צְוֶועלֶעף פִירְשְׁטֶען נָאךְ זַייעֶרֶע פֶעלְקֶער:

17 אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען דִיא יָאהְרֶען פוּן דֶעם לֶעבֶּען פוּן יִשְׁמָעֵאל, הוּנְדֶערְט אוּנְד זִיבֶּען אוּנְד דְרַייסִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד עֶר אִיז אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט גֶעוָוארֶען צוּ זַיין פָאלְק:

18 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט פוּן חֲוִילָה בִּיז קֶען שׁוּר, וָואס אִיז פַאר מִצְרַיִם, ווִיאוּ דוּא קוּמְסְט נָאךְ אַשּׁוּר, פַאר אַלֶע זַיינֶע בְּרִידֶער הָאט עֶר זִיךְ בֶּעזֶעצְט:

תולדת

19 אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן יִצְחָק דֶער זוּהְן פוּן אַבְרָהָם, אַבְרָהָם הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם יִצְחָק:

20 אוּנְד יִצְחָק אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען פֶערְצִיג יָאהְר אַז עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא רִבְקָה, דִיא טָאכְטֶער פוּן בְּתוּאֵל דֶעם אֲרַמִי, פוּן פַּדַּן אֲרָם, דִיא שְׁוֶועסְטֶער פוּן לָבָן דֶעם אֲרַמִי, צוּ זִיךְ צוּ אֵיין וַוייבּ:

21 אוּנְד יִצְחָק הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ דֶעם הַאר (גָאט) פַאר זַיין וַוייבּ, דֶען זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְפְּרוּכְטבַּאר (עֲקָרָה), אוּנְד דֶער הַאר (גָאט) הָאט אָנְגֶענוּמֶען זַיין גֶעבֶּעט, אוּנְד רִבְקָה זַיין וַוייבּ אִיז שְׁוַואנְגֶער גֶעוָוארֶען:

22 אוּנְד דִיא קִינְדֶער הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטוֹיסֶען אִין אִיהְר (בּוֹיךְ), אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען עֶס אִיז אַזוֹי, פַאר וָואס בִּין אִיךְ אַזוֹי? אוּנְד זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען

צוּ פָארְשֶׁען בֵּייא דֶעם הַאר (גָאט) :
23 אוּנְד דֶער הַאר (גָאט) הָאט צוּ
אִיהְר גֶעזָאגְט, צְווייא פֶעלְקֶער זֶענֶען
אִין דֵיין בּויךְ, אוּנְד צְווייא נַאצִיאָנֶען
פוּן דֵיינֶע גֶעדֶערים וֶועלֶען אָבְּגֶעטֵיילְט
וֶוערֶען, אוּנְד אֵיין פָאלְק וֶועט זִיךְ פוּן
דֶעם אַנְדֶערֶען שְׁטַארְקֶען, אוּנְד דֶער
עֶלְטֶערֶער וֶועט דִינֶען דֶעם יוּנְגֶערֶען :
24 אוּנְד אִיהְרֶע טֶעג זֶענֶען דֶערְפִילְט
גֶעוָוארֶען צוּ גֶעבֶּערֶען, אוּנְד נוּן עֶס
אִיז גֶעוֶועזֶען אַ צְווילִינְג אִין אִיהְר בּויךְ :
25 אוּנְד דֶער עֶרְשְׁטֶער אִיז אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען אַ רוֹיטֶער, אִין גַאנְצֶען וִויא
אֵיין הָארִיגֶער מַאנְטֶעל, אוּנְד זֵייא הָא־
בֶּען זֵיין נָאמֶען גֶערוּפֶען עֵשָׂו :
26 אוּנְד דֶערְנָאךְ אִיז זֵיין בְּרוּדֶער
אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט זֵיין הַאנְד
גֶעהַאלְטֶען אָן דֶער פֶערְשְׁט (טְרִיט) פוּן
עֵשָׂו, אוּנְד מֶען הָאט גֶערוּפֶען זֵיין
נָאמֶען יַעֲקֹב, אוּנְד יִצְחָק אִיז אַלְט
גֶעוֶועזֶען זֶעכְצִיג יָאהְר, אַז עֶר הָאט
זֵייא גֶעבּוֹירֶען :
27 אוּנְד דִיא יוּנְגֶען זֶענֶען גְרוֹיס
גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֵשָׂו אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין
מַאן וָואס הָאט פַארְשְׁטַאנֶען צוּ יָאגֶען,
אֵיין פֶעלְד־מַאן, אוּנְד יַעֲקֹב אִיז גֶעוֶועזֶען
אֵיין אוֹיפְרִיכְטִיגֶער מַאן, עֶר הָאט גֶע־
וְואוֹינְט אִין גֶעצֶעלְטֶען :
28 אוּנְד יִצְחָק הָאט לִיבּ גֶעהַאט דֶעם
עֵשָׂו, דֶען גֶעיָאגְטֶעס אִיז גֶעוֶועזֶען
אִין זֵיין מוֹיל, אוּנְד רִבְקָה הָאט לִיבּ
גֶעהַאט דֶעם יַעֲקֹב :
29 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעקָאכְט אֵיין
גֶעקֶעכְץ, אוּנְד עֵשָׂו אִיז גֶעקוּמֶען פוּן
דֶעם פֶעלְד אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען מִיד :
30 אוּנְד עֵשָׂו הָאט גֶעזָאגְט צוּ יַעֲקֹב,
מַאךְ מִיךְ אָנְשְׁטָאפֶּען, אִיךְ בֶּעט דִיךְ
פוּן דֶעם רוֹיטֶען, פוּן דִיזֶעם רוֹיטֶען,
דֶען אִיךְ בִּין מִיד, דָארוּם הָאט מֶען
זֵיין נָאמֶען גֶערוּפֶען אֱדוֹם (רוֹיט) :
31 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט, פֶערקוֹיף
מִיר הַיינְט דֵיינֶע בְּכוֹרָה :
32 אוּנְד עֵשָׂו הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ גֵייא
נוּן צוּם שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד צוּ וָואס טוֹיג
מִיר דִיא בְּכוֹרָה :
33 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט, שְׁוֶוער
מִיר הַיינְט, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעשְׁוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט פֶערקוֹיפְט
זֵיינֶע בְּכוֹרָה צוּ יַעֲקֹב :
34 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ עֵשָׂו
בְּרוֹיט אוּנְד אֵיין גֶעקֶעכְץ פוּן לִינְזֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעסֶען אוּנְד עֶר הָאט
גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּנְד עֶר אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֵשָׂו
הָאט פֶערַאכְטֶעט דִיא בְּכוֹרָה :

## קאפיטעל כו

א אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין הוּנְגֶער
אִין דֶעם לַאנְד, אוֹיסֶער דֶעם עֶרְשְׁטֶען
הוּנְגֶער וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא
טֶעג פוּן אַבְרָהָם, אוּנְד יִצְחָק אִיז
גֶעגַאנְגֶען צוּ אֲבִימֶלֶךְ, דֶעם קֶענִיג פוּן
פְּלִשְׁתִּים, נָאךְ גְּרָר :
2 אוּנְד דֶער הַאר (גָאט) הָאט זִיךְ
צוּ אִיהְם בֶּעווִיזֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט אַרָפּגֵיין נָאךְ
מִצְרַיִם, וְואוֹין אִין דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ
וֶועל דִיר זָאגֶען :
3 וְואוֹין אִין דִיזֶען לַאנְד, אוּנְד אִיךְ
וֶועל זֵיין מִיט דִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל
דִיךְ בֶּענְשֶׁען, דֶען צוּ דִיר אוּנְד צוּ
דֵיינֶע זָאמֶען, וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען אַלֶע
דִיזֶע לֶענְדֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעשְׁטֶע־
טִיגֶען דִיא שְׁבוּעָה, וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעשְׁוָוארֶען צוּ אַבְרָהָם דֵיין פָאטֶער :

אונד

4 אונד איך וועל מערען דיינע זאמען
אזוי וויא דיא שטערען פון דעם
הימעל, אונד איך וועל געבען צו
דיינע זאמען אלע דיזע לענדער, אונד
אין דיינע זאמען וועלען זיך בענשען
אלע פעלקער פון דער ערד:
5 ווייל אברהם האט געהערט צו מיין
קול, אונד ער האט מיינע בעפעלע
מיינע מצות, מיינע געזעץ אונד
מיינע לערנונג געהיט:
6 אונד יצחק האט געוואוינט אין גרר:
7 אונד דיא מענשען פון דעם ארט
האבען איהם געפרעגט וועגען זיין
ווייב, אונד ער האט געזאגט, זיא איז
מיין שוועסטער, דען ער האט מורא
געהאט צו זאגען (זיא איז) מיין ווייב
פיליכט וועלען מיך דיא מענשען פון
דעם ארט הארגענען וועגען רבקה,
דען זיא איז שיין אנצוזעהען:
8 אונד עס איז געוועזען אז ער
האט זיך דארטען לאנג אויפגעהאלטען,
אונד אבימלך דער קעניג פון דיא
פלשתים האט אריין געקוקט דורך דאס
פענסטער, אונד ער האט געזעהען,
אונד נון יצחק האט זיך געשפילט מיט
רבקה זיין ווייב:
9 אונד אבימלך האט גערופען צו
יצחק אונד האט געזאגט, זיא איז דאך
נון דיין ווייב, אונד וויא אזוי האסטו
געזאגט זיא איז מיין שוועסטער, אונד
יצחק האט צו איהם געזאגט, דען איך
האב געדאכט, פיליכט וועל איך
שטארבען פון איהרעט וועגען:
10 אונד אבימלך האט געזאגט, וואס
איז דיזעס וואס דוא האסט צו אונס
געטהון, וויא באלד העט איינער פון
דעם פאלק געלעגען מיט דיין ווייב,
אונד דוא וואלסט געבראכט אויף
אונס איין שולד:
11 אונד אבימלך האט בעפוילען דאס
גאנצע פאלק אונד האט געזאגט, ווער
עס וועט אנריהרען דיזען מאן אונד זיין
ווייב, דער זאל דעם טויט שטארבען:
12 אונד יצחק האט געזייעט אין
דעמזעלבען לאנד, אונד ער האט
געפונען אין דעמזעלבען יאהר הונ־
דערט מאס, אונד דער הער גאט
האט איהם געבענשט:
13 אונד דער מאן איז גרויס געווארען,
אונד ער איז אימער גרעסער געווארען,
ביז ער איז זייער גרויס געווארען:
14 אונד עס איז צו איהם געוועזען
פיה פון שאף אונד פיה פון רינדער
אונד איינע גרויסע ארבייטס־קראפט,
אונד דיא פלשתים האבען איהם
בעניידעט (מקנא געוועזען):
15 אונד אלע דיא ברונען וואס דיא
קנעכט פון זיין פאטער האבען גע־
גראבען, אין דיא טעג פון אברהם זיין
פאטער, האבען דיא פלשתים פאר־
שטאפט, אונד זייא האבען זייא מיט
ערד אנגעפילט:
16 אונד אבימלך האט געזאגט צו
יצחק, גייא אוועק פון אונס, דען דוא
ביסט פיל שטארקער פון אונס:
17 אונד יצחק איז פון דארטען אוועק
געגאנגען, אונד ער האט גערוהט אין
דעם טאהל פון גרר, אונד ער האט
געוואוינט דארטען:
18 אונד יצחק האט ווידער געגראבען
דיא ברונענס פון וואסער וואס זייא
האבען געגראבען אין דיא טעג פון
אברהם זיין פאטער, אונד דיא פלשתים
האבען זייא פארשטאפט נאך דעם טויט

פוּן אַבְרָהָם, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶערוּפֶען נֶעמֶען, אַזוֹי וִויא דִיא נֶעמֶען וָואס זַיין פָאטֶער הָאט זַייא גֶערוּפֶען:

19 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן יִצְחָק הָאבֶּען גֶעגְרָאבֶּען אִין דֶעם טָאהָל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָארְטֶען גֶעפוּנֶען, אַיין בְּרוּנֶען פוּן לֶעבֶּענְדִיגֶעס וַואסֶער:

20 אוּנְד דִיא פַּאסְטַאכֶער פוּן גְרָר הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְרִיגְט מִיט דִיא פַּאסְטַאכֶער פוּן יִצְחָק, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ אוּנְס (גֶעהֶערְט) דָאס וַואסֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם בְּרוּנֶען עֵשֶׂק (קְרִיג) וַוייל זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְרִיגְט מִיט אִיהְם:

21 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַיין אַנְדֶערֶען בְּרוּנֶען גֶעגְרָאבֶּען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיבֶּער דֶעם אוֹיךְ גֶעקְרִיגְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען שִׂטְנָה:

22 אוּנְד עֶר הָאט אַוֶועק גֶערוּקט (זַיין וואוינוּנְג), אוּנְד עֶר הָאט אַיין אַנְדֶערֶען בְּרוּנֶען גֶעגְרָאבֶּען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיבֶּער דִיזֶען נִיט גֶעקְרִיגְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען רְחֹבוֹת (עֶרְד־וַוייטֶערְט), דֶען יֶעצְט הָאט דֶער הַאר (גָאט) אוּנְס עֶרְוַוייטֶערְט, אוּנְד מִיר וֶועלֶען פְרוּכְטְבַּאר זַיין אִין דֶעם לַאנְד:

23 אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען פוּן דָארְטֶען נָאךְ בְּאֵר שָׁבַע:

24 אוּנְד דֶער הַאר (גָאט) הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעוִויזֶען אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער נַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער גָאט פוּן אַבְרָהָם דַיין פָאטֶער, דוּא זָאלְסְט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען, דֶען אִיךְ בִּין מִיט דִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ בֶּענְשֶׁען, אוּנְד אִיךְ וֶועל מֶעהְרֶען דַיינֶע זָאמֶען, פוּן וֶועגֶען אַבְרָהָם מֵיין קְנֶעכְט:

25 אוּנְד עֶר הָאט דָארְט גֶעבּוֹיט אַיין מִזְבֵּחַ, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר (גָאט), אוּנְד עֶר הָאט דָארְטֶען זַיין גֶעצֶעלְט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן יִצְחָק הָאבֶּען דָארְט גֶעגְרָאבֶּען אַיין בְּרוּנֶען:

26 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ אִיז צוּ אִיהְם גֶעגַאנְגֶען פוּן גְרָר, אוּנְד אֲחֻזַּת זַיין פְרֵיינְד, אוּנְד פִיכֹל דֶער פִירְשְׁט פוּן זַיין הֶערְשַׁאר:

27 אוּנְד יִצְחָק הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם זַיינְט אִיהְר צוּ מִיר גֶעקוּמֶען אוּנְד אִיהְר הָאט מִיךְ דָאךְ פֵיינְד, אוּנְד אִיהְר הָאט מִיךְ אַוֶועק גֶעשִׁיקְט פוּן אַייךְ?

28 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גֶעוִויס גֶעזֶעהֶען דָאס דֶער הַאר (גָאט) אִיז מִיט דִיר, אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעזָאגְט, לָאז נוּן צְוִוישֶׁען אוּנְס אַיין שְׁבוּעָה זַיין, צְווִישֶׁען אוּנְס אוּנְד צְוִוישֶׁען דִיר, אוּנְד מִיר וֶועלֶען אַיין בּוּנְד מַאכֶען מִיט דִיר:

29 אַז דוּא זָאלְסְט נִיט טְהוּן מִיט אוּנְס קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס, אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען דִיךְ נִיט אָנְגֶערִירְט, אוּנְד אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען דִיר נוּר גוּטֶעס גֶעטְהוּן, אוּנְד מִיר הָאבֶּען דִיךְ אִין פְרִידֶען אַוֶועק גֶעשִׁיקְט, דוּא בִּיסְט נוּן יֶעצְט גֶעבֶּענְשְׁט פוּן דֶעם הַאר (גָאט):

30 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט צוּ זַייא אַיין מָאהְלְצַייט אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען:

31 אוּנְד זַייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פְרִיה אִין דֶעם מָארְגֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַייגֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶעשְׁוָוארֶען, אוּנְד יִצְחָק הָאט זַייא אַוֶועק גֶעשִׁיקְט, אוּנְד זַייא זֶענֶען פוּן אִיהְם אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין פְרִידֶען:

32 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם

וֶועלְכִינֶען טָאג, אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן יִצְחָק זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם עֶרְצֵיילְט, פוּן וֶוענֶען דֶעם בְּרוּנֶען וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעגְרָאבֶּען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גֶעפוּנֶען וַואסֶער׃

33 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְר גֶערוּפֶען שִׁבְעָה, דָארוּם אִיז דֶער נָאמֶען פוּן דֶער שְׁטָאט בְּאֵר־שֶׁבַע בִּיז אוֹיף דִיזֶען טָאג׃

34 אוּנְד עֵשָׂו אִיז פֶערְצִיג יָאהְר אַלְט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד הָאט אַיין ווייבּ גֶענוּמֶען דִיא יְהוּדִית, דִיא טָאכְטֶער פוּן בְּאֵרִי, דֶעם חִתִּי, אוּנְד דִיא בָּשְׂמַת, דִיא טָאכְטֶער פוּן אֵילוֹן דֶעם חִתִּי׃

35 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צוּ אַיין פֶערְבִּיטֶערוּנְג צוּ דֶעם גַייסְט פוּן יִצְחָק אוּנְד פוּן רִבְקָה׃

## קאפּיטעל כז

א אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז יִצְחָק אִיז אַלְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זַיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען טוּנְקֶעל גֶעוָוארֶען אַז עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט זֶעהֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶערוּפֶען דֶעם עֵשָׂו זַיין עֶלְטֶערֶען זוּהְן, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מֵיין זוּהְן, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הִיר בִּין אִיךְ׃

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין נוּן יֶעצְט אַלְט, אוּנְד אִיךְ ווייס נִיט דֶעם טָאג פוּן מֵיין טוֹיט׃

3 אוּנְד יֶעצְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, נֶעם דֵיינֶע וַואפֶען, דֵיין גֶעהֶענְג, אוּנְד דֵיין בּוֹיגֶען, אוּנְד גֵייא אַרוֹיס אוֹיף דָאס פֶעלְד, אוּנְד יָאג פַאר מִיר אַיין גֶעוֶועג׃

4 אוּנְד מַאךְ צוּ מִיר שְׁמַאקְהַאפְטֶע שְׁפֵּייז, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ לִיבּ, אוּנְד בְּרֶענְג עֶס מִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶסֶען, דַאמִיט אַז מֵיינֶע זֶעלֶע זָאל דִיךְ בֶּענְשֶׁען אֵיידֶער אִיךְ וֶועל שְׁטַארְבֶּען׃

5 אוּנְד רִבְקָה הָאט גֶעהֶערְט וִויא יִצְחָק הָאט גֶערֶעט צוּ עֵשָׂו זַיין זוּהְן, אוּנְד עֵשָׂו אִיז גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד צוּ יָאגֶען אַיין גֶעוֶועג אוּם עֶס צוּ בְּרֶענְגֶען׃

6 אוּנְד רִבְקָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יַעֲקֹב אִיהְר זוּהְן, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, נוּן אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דָאס דֵיין פָאטֶער הָאט גֶערֶעט צוּ עֵשָׂו דֵיין בְּרוּדֶער אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט׃

7 בְּרֶענְג מִיר גֶעוָואגְטֶעכְץ, אוּנְד מַאךְ מִיר שְׁמַאקְהַאפְטִיגֶע שְׁפֵּייז אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶסֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ בֶּענְשֶׁען פַאר דֶעם הַאר (גָאט) פַאר מֵיין טוֹיט׃

8 אוּנְד יֶעצְט מֵיין זוּהְן, הֶער צוּ מֵיין קוֹל, צוּ וָואס אִיךְ וֶועל דִיר בֶּעפֶעלֶען׃

9 גֵייא אִיךְ בֶּעט דִיךְ, צוּ דִיא שָׁאף, אוּנְד נֶעם צוּ מִיר פוּן דָארְטֶען צְווייא גוּטֶע צִיגֶען־בֶּעקְלֶעךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא מַאכֶען שְׁמַאקְהַאפְטֶע שְׁפֵּייז צוּ דֵיין פָאטֶער, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט לִיבּ׃

10 אוּנְד דוּא וֶועסְט עֶס בְּרֶענְגֶען צוּ דֵיין פָאטֶער דַאמִיט עֶר זָאל דִיךְ בֶּענְשֶׁען פַאר זַיין טוֹיט׃

11 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט צוּ רִבְקָה זַיין מוּטֶער, עֵשָׂו מֵיין בְּרוּדֶער אִיז אַיין הָארִיגֶער מַאן, אוּנְד אִיךְ בִּין אַיין גְלַאטֶער מַאן׃

12 פִילֵייכְט וֶועט מִיךְ מֵיין פָאטֶער אָנְטַאפֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַיין אִין זַיינֶע אוֹיגֶען וִויא אַיין בֶּעטְרִיגֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל בְּרֶענְגֶען אוֹיף מִיר אַיין פְלוּךְ אוּנְד נִיט אַיין בֶּענְשׁוּנְג׃

13 אוּנְר זַיינֶע מוּטֶער הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דַיין פְלוּךְ זָאל זַיין אויף מִיר, מַיין זוּהְן, גֵייעֶרְט הֶער צוּ אויף מַיין קוֹל, אוּנְד גֵייא בְּרֶענְג עֶס מִיר :

14 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט צוּ זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער הָאט גֶעמַאכְט שְׁמַאקְהַאפְטִיגֶע שְׁפֵּייז, אַזוֹי וְוִיא זַיין פָאטֶער הָאט לִיבּ גֶעהַאט :

15 אוּנְד רִבְקָה הָאט גֶענוּמֶען, דִיא שֶׁענְסְטֶע קְלֵיידֶער פוּן אִיהְר עֶלְטֶערֶען זוּהְן עֵשָׂו, וָואס עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בַּייא אִיהְר אִין דֶעם הויז, אוּנְד זִיא הָאט זַייא אָנגֶעקְלֵיידֶעט דֶעם יַעֲקֹב אִיהְר קְלֶענֶערֶען זוּהְן :

16 אוּנְד דִיא פֶעל פוּן דִיא צִיגֶענבֶּעק, הָאט זִיא אָנגֶעקְלֵיידֶעט אויף זַיינֶע הֶענְד, אוּנְד אויף דִיא גְלַאטְקֵייט פוּן זַיין הַאלְז :

17 אוּנְד זִיא הָאט גֶעגֶעבֶּען דִיא שְׁמַאקְהַאפְטִיגֶע שְׁפֵּייז, אוּנְד דָאס בְּרוֹיט וָואס זִיא הָאט גֶעמַאכְט, אִין דִיא הֶענְד פוּן יַעֲקֹב אִיהְר זוּהְן :

18 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זַיין פָאטֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין פָאטֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הִיר בִּין אִיךְ, וֶוער בִּיסְטוּ מֵיין זוּהְן ?

19 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין פָאטֶער, אִיךְ בִּין עֵשָׂו דַיין עֶרְשְׁט־גֶעבָּארֶענֶער, אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן אַזוֹי וְוִיא דוּא הָאסְט צוּ מִיר גֶערֶעט, שְׁטֵייא אויף, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, זֶעץ זִיךְ, אוּנְד עֶס פוּן מֵיין גֶעיָאגְטֶעס, דַאמִיט דַיין זֶעלֶע זָאל מִיךְ בֶּענְשֶׁען :

20 אוּנְד יִצְחָק הָאט גֶעזָאגְט, צוּ זַיין זוּהְן, וָואס אִיז דִיזֶעס, וָואס דוּא הָאסְט אַזוֹי גֶעשְׁווִינְד גֶעפוּנְדֶען, מֵיין זוּהְן ? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס הַאר, דַיין גָאט הָאט עֶס גֶעמַאכְט טְרֶעפֶען פַאר מִיר :

21 אוּנְד יִצְחָק הָאט גֶעזָאגְט צוּ יַעֲקֹב, קוּם נֶעהֶנְטֶער, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ אָנטַאפֶּען, מֵיין זוּהְן, אוֹיבּ דוּא בִּיסְט דִיזֶער מֵיין זוּהְן עֵשָׂו אָדֶער נִיט :

22 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ יִצְחָק זַיין פָאטֶער, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אָנגֶעטַאפְּט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט דָאס קוֹל, אִיז דָאס קוֹל פוּן יַעֲקֹב, אָבֶּער דִיא הֶענְד זֶענֶען דִיא הֶענְד פוּן עֵשָׂו :

23 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם נִיט עֶרְקֶענְט, דֶען זַיינֶע הֶענְד זֶענֶען גֶעוֶועזֶען הָארִיגֶע אַזוֹי וְוִיא דִיא הֶענְד פוּן עֵשָׂו זַיין בְּרוּדֶער, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט :

24 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְטוּ דִיזֶער מֵיין זוּהְן עֵשָׂו ? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ בִּין :

25 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֶענֶעהְן עֶס צוּ מִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶסֶען פוּן דֶעם גֶעיֶעג פוּן מֵיין זוּהְן, פוּן וֶועגֶען אַז מֵיינֶע זֶעלֶע זָאל דִיךְ בֶּענְשֶׁען, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶענֶעהֶנְט צוּ אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעסֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט וֵויין אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעטְרוּנְקֶען :

26 אוּנְד זַיין פָאטֶער יִצְחָק הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶענֶעהְן צוּ מִיר, אוּנְד קוּשׁ מִיךְ, מֵיין זוּהְן :

27 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶנְט, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעקוּשְׁט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁמֶעקְט דֶעם רֵיחַ פוּן זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט,

אוּנְד

אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, דֶער
גֶעשְׁמַאק פוּן מֵיין זוּהְן, אִיז גְלֵייךְ אַזוֹי
וִויא דֶער גֶעשְׁמַאק פוּן אֵיין פֶעלְד
וָואס דֶער הַאר (גָאט) הָאט אִיהְם
גֶעבֶּענְשְׁט:
28 אוּנְד גָאט זָאל דִיר גֶעבֶּען פוּן
דֶעם טְהוֹי פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד פוּן
דִיא פֶעטִיגְקֵייטֶען פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד
פִיל קָארְן אוּנְד אַלְטֶען וֵויין:
29 פֶעלְקֶער זָאלֶען דִיר דִינֶען, אוּנְד
פֶעלְקֶער זָאלֶען זִיךְ צוּ דִיר בִּיקֶען,
זֵייא אֵיין הַאר צוּ דֵיינֶע בְּרִידֶער,
אוּנְד צוּ דִיר זָאלֶען זִיךְ בִּיקֶען דִיא
קִינְדֶער פוּן דֵיינֶע מוּטֶער, דֶער וָואס
וֶועט דִיךְ שֶׁעלְטֶען זָאל אַלֵיין זֵיין
גֶעשָׁאלְטֶען אוּנְד דִיא וָואס וֶועלֶען דִיךְ
בֶּענְשֶׁען זָאלֶען זֵיין גֶעבֶּענְשְׁט:
30 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז יִצְחָק
הָאט גֶעעֶנְדִיגְט צוּ בֶּענְשֶׁען דֶעם יַעֲקֹב,
אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז יַעֲקֹב אִיז
נוּר אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם אָנְגֶעזִיכְט
פוּן יִצְחָק זֵיין פָאטֶער, אַזוֹי אִיז עֵשָׂו
זֵיין בְּרוּדֶער גֶעקוּמֶען פוּן זֵיינֶעם
גֶעיֶעג:
31 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעמַאכְט
שְׁמַאקְהַאפְטִיגֶע שְׁפֵּייז, אוּנְד עֶר הָאט
עֶס גֶעבְּרַאכְט צוּ זֵיין פָאטֶער, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיין פָאטֶער, מֵיין
פָאטֶער זָאל אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד עֶר זָאל
עֶסֶען פוּן דֶעם גֶעיֶעג פוּן זֵיין זוּהְן,
דַאמִיט אַז דֵיין זֶעלֶע זָאל מִיךְ בֶּענְשֶׁען:
32 אוּנְד יִצְחָק זֵיין פָאטֶער הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוער בִּיסְטוּ? אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ בִּין דֵיין זוּהְן, דֵיין
עֶרְשְׁטגֶעבָּארֶענֶער, עֵשָׂו:
33 אוּנְד יִצְחָק הָאט זִיךְ עֶרְשְׁרָאקֶען
מִיט זֵייעֶר אֵיין גְרוֹיסֶען שְׁרֶעקֶען, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער? וְואוּ אִיז עֶר,
דֶער וָואס הָאט גֶעיָאגְט דָאס גֶעיֶעג,
אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעבְּרַאכְט,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעסֶען פוּן אַלֶעס
אֵיידֶער דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט? עֶר זָאל
אוֹיךְ זֵיין גֶעבֶּענְשְׁט:
34 וִויא עֵשָׂו הָאט גֶעהֶערְט דִיא
וֶוערְטֶער פוּן זֵיין פָאטֶער, אַזוֹי הָאט
עֶר גֶעשְׁרִיגֶען מִיט זֵייעֶר אֵיין גְרוֹיסֶען
אוּנְד בִּיטֶערֶען גֶעשְׁרֵייא, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, בֶּענְשׁ מִיךְ, אוֹיךְ מִיךְ
מֵיין פָאטֶער:
35 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֵיין בְּרוּדֶער
אִיז גֶעקוּמֶען מִיט לִיסְטִיגְקֵייט אוּנְד עֶר
הָאט גֶענוּמֶען דֵיינֶע בֶּענְשׁוּנְג:
36 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הָאט מֶען
נִיט מִיט רֶעכְט גֶערוּפֶען זֵיין נָאמֶען יַעֲקֹב?
אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ שׁוֹין צְוֵוייא מָאהְל
בֶּעטְרָאגֶען, מֵיין בְּכוֹרָה הָאט עֶר צוּ־
גֶענוּמֶען, אוּנְד נוּן יֶעצְט הָאט עֶר
מֵיינֶע בֶּענְשׁוּנְג צוּגֶענוּמֶען, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, הָאסְטוּ נִיט פַאר מִיר
צוּרִיק גֶעהַאלְטֶען אֵיינֶע בֶּענְשׁוּנְג?
37 אוּנְד יִצְחָק הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט צוּ עֵשָׂו, זֶעה, אִיךְ הָאבּ
אִיהְם גֶעמַאכְט אֵיין הַאר צוּ דִיר, אוּנְד
אַלֶע זֵיינֶע בְּרִידֶער הָאבּ אִיךְ צוּ אִיהְם
גֶעגֶעבֶּען צוּ קְנֶעכְט, אוּנְד מִיט קָארְן
אוּנְד מִיט אַלְטֶען וֵויין הָאבּ אִיךְ אִיהְם
אוּנְטֶערְגֶעלֶעהֶענְט, אוּנְד נוּן צוּ דִיר,
וָואס זָאל אִיךְ יֶעצְט טְהוּן מֵיין זוּהְן?
38 אוּנְד עֵשָׂו הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיין
פָאטֶער, הָאסְטוּ נָאר אֵיין בֶּענְשׁוּנְג
מֵיין פָאטֶער? בֶּענְשׁ מִיךְ, אוֹיךְ מִיךְ,
מֵיין פָאטֶער! אוּנְד עֵשָׂו הָאט אוֹיפְגֶע־
הוֹיבֶּען זֵיין קוֹל, אוּנְד הָאט גֶעוֵויינְט:

39 אונד יצחק זיין פאטער האט גע־
ענטפערט, אונד ער האט צו איהם
געזאגט, זעה, פון דיא פעטיגקייטען פון
דער ערד זאל זיין דיין וואוינונג, אונד
פון דעם טהוי פון דעם הימעל פון
אויבען:
40 אונד דורך דיין שווערט זאלסטו
לעבען, אונד דיין ברודער זאלסטו
דינען, אונד עס וועט זיין אז ווען דוא
וועסט הערשען, אזוי וועסטו זיין יאך
פון דיין האלז אבוואַרפען:
41 אונד עשו האט געהאסט דעם
יעקב, פון וועגען דיא בענשונג וואס
זיין פאטער האט איהם געבענשט,
אונד עשו האט אין זיין הארצען
געזאגט, עס וועלען גענעהען דיא
טרויער־טעג פון מיין פאטער, אזוי
וועל איך טויטען מיין ברודער יעקב:
42 אונד עס איז געזאגט געוואָרען
צו רבקה דיא ווערטער פון עשו איהר
עלטערען זוהן, אונד זיא האט געשיקט
אונד זיא האט גערופען צו יעקב איהר
קלענערען זוהן, אונד זיא האט צו
איהם געזאגט, זעה, עשו דיין ברודער
טרייסט זיך איבער דיר, דיך צו טויטען:
43 אונד נון מיין זוהן, הער צו מיין
קול, אונד שטעה אויף אונד ענטלויף
צו לבן מיין ברודער, נאך חרן:
44 אונד דוא זאלסט וואוינען מיט
איהם איניגע טעג, ביז דאס דער
גרימצארען פון דיין ברודער וועט זיך
ווידערקערען:
45 ביז עס וועט זיך אוועק־קערען
דיין ברודערס צארען פון דיר, אונד
ער וועט פארגעסען וואס דוא האסט
צו איהם געטהון, אונד איך וועל
שיקען אונד איך וועל דיך נעמען פון
דארטען, ווארום זאל איך אייך ביידען
פערלירען אין איין טאג?
46 אונד רבקה האט געזאגט צו יצחק,
איך בין איבערדריסיג אין מיין לעבען
פון וועגען דיא טעכטער פון חת, ווען
יעקב זאל נעמען איין ווייב אזוי וויא
פון דיא דיזע טעכטער פון דעם
לאנד, צו וואס טויג מיר דאס לעבען?

קאפיטעל כח

א אונד יצחק האט גערופען צו יעקב,
אונד ער האט איהם געבענשט, אונד
ער האט איהם געבאטען אונד ער
האט צו איהם געזאגט, דוא זאלסט
ניט נעמען איין ווייב פון דיא טעכטער
פון כנען:
2 שטעה אויף, געה נאך פדן ארם,
צו דעם הויז פון בתואל, דער פאטער
פון דיין מוטער, אונד נעם צו דיר
פון דארטען איין ווייב, פון דיא
טעכטער פון לבן, דער ברודער פון
דיינע מוטער:
4 אונד דער אלמעכטיגער גאט זאל
דיך בענשען, אונד זאל דיך פרוכטבאר
מאכען, אונד ער זאל דיך מעהרען,
אונד דוא וועסט זיין צו איינע פער־
זאמלונג פון פעלקער:
4 אונד ער זאל געבען צו דיר דיא
בענשונג פון אברהם, צו דיר, אונד צו
דיינע זאמען מיט דיר, אז דוא זאלסט
ערבען דאס לאנד אין וואס דוא וואוינסט,
וואס גאט האט געגעבען צו אברהם:
5 אונד יצחק האט אוועק געשיקט
דעם יעקב, אונד ער איז געגאנגען
נאך פדן ארם, צו לבן דעם זוהן פון
בתואל דעם ארמי, דער ברודער
פון רבקה, דיא מוטער פון יעקב אונד
עשו:

6 אוּנְד אַלְס עֵשָׂו הָאט גֶעזֶעהֶען, אַז יִצְחָק הָאט גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם יַעֲקֹב אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַוֶועק גֶעשִׁיקְט נָאךְ פַּדַן אֲרָם צוּ נֶעמֶען צוּ זִיךְ פוּן דָארְטֶען אֵיין ווייבּ, ווֶען עֶר הָאט אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט נֶעמֶען אֵיין ווייבּ פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן כְּנַעַן:

7 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעהֶערְט צוּ זֵיין פָאטֶער אוּנְד צוּ זֵיין מוּטֶער, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ פַּדַן אֲרָם:

8 אוּנְד עֵשָׂו הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דִיא טֶעכְטֶער פוּן כְּנַעַן זֶענֶען שְׁלֶעכְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן יִצְחָק זֵיין פָאטֶער:

9 אַזוֹי אִיז עֵשָׂו גֶעגַאנְגֶען צוּ יִשְׁמָעֵאל, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען דִיא מַחֲלַת, טָאכְטֶער פוּן יִשְׁמָעֵאל, דֶער זוּהְן פוּן אַבְרָהָם, דִיא שְׁוֶועסְטֶער פוּן נְבָיוֹת, אוֹיסֶער זַיינֶע ווייבֶּער, צוּ אַ ווייבּ:

ויצא

10 אוּנְד יַעֲקֹב אִיז אַרוֹיס-גֶעגַאנְגֶען פוּן בְּאֵר שָׁבַע, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ חָרָן:

11 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעטְרָאפֶען אִין אֵיין אָרְט, אוּנְד עֶר הָאט דָארְטֶען אִיבֶּער-גֶענֶעכְטִיגְט, דֶען דִיא זוּן אִיז אוּנְטֶערגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען פוּן דִיא שְׁטֵיינֶער פוּן דֶעם אָרְט אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעלֵייגְט אוּנְטֶער זֵיין קָאפּ, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט אוֹיף דֶעמְזֶעלְבֶּען אָרְט:

12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְרוֹימְט, אוּנְד נוּן, אֵיינֶע לֵייטֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד זֵיין שְׁפִּיץ הָאט גֶערֵייכְט בִּיז צוּם הִימֶעל, אוּנְד זֶעה, דִיא מַלְאָכִים פוּן גָאט זֶענֶען אוֹיף אִיהְם אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אוּנְד אַרוּנְטֶער גֶעגַאנְגֶען:

13 אוּנְד זֶעה, דֶער הַאר (גָאט) אִיז גֶעשְׁטַאנֶען לֶעבֶּען אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן אַבְרָהָם דֵיין פָאטֶער, אוּנְד דֶער גָאט פוּן יִצְחָק, דָאס לַאנְד וָואס דוּא לִיגְסְט דְרוֹיף, צוּ דִיר וֶועל אִיךְ עֶס גֶעבֶּען, אוּנְד צוּ דֵיינֶע זָאמֶען:

14 אוּנְד דֵיינֶע זָאמֶען וֶועט זֵיין אַזוֹי וִויא דֶער שְׁטוֹיבּ פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד דוּא וֶועסְט דִיךְ אוֹיסבְּרֵייטֶען גֶעגֶען מַעֲרָב-זֵייט, אוּנְד גֶעגֶען מִזְרַח-זֵייט, אוּנְד גֶעגֶען צָפוֹן-זֵייט, אוּנְד גֶעגֶען דָרוֹם-זֵייט, אוּנְד עֶס וֶועלֶען זִיךְ בֶּענְשֶׁען אַלֶע מִשְׁפָּחוֹת פוּן דֶער עֶרְד אִין דִיר אוּנְד אִין דֵיינֶע זָאמֶען:

15 אוּנְד זֶעה, אִיךְ בִּין מִיט דִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ בֶּעהִיטֶען אִיבֶּעראַל וְואוּ דוּא הִינְגֵייסְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ צוּרִיק בְּרֶענְגֶען צוּ דִיזֶעס לַאנְד, דֶען אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען בִּיז אִיךְ וֶועל טְהוּן דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר צוּגֶעזָאגְט:

16 אוּנְד יַעֲקֹב אִיז אוֹיפְגֶעוַואכְט פוּן זֵיין שְׁלָאף, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פַארוָואהְר, דֶער הַאר (גָאט) אִיז אִין דִיזֶען אָרְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס נִיט גֶעוְואוּסְט

17 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וִויא פוּרְכְטבַּאר אִיז דִיזֶער אָרְט, דִיזֶעס אִיז נִיט אַנְדֶערְשׁ גֵייעֶרְט דָאס הויז פוּן גָאט, אוּנְד דִיזֶעס אִיז דָאס טוֹיעֶר פוּן דֶעם הִימֶעל:

18 אוּנְד יַעֲקֹב אִיז פְּרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דֶעם שְׁטֵיין וָואס עֶר הָאט גֶעלֵייגְט אוּנְטֶער

זיין

זֵיין קָאפְּף, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם
גֶעמַאכְט צוּ אֵיין דֶענְקְמַאל (מַצֵּבָה)
אוּנְד עֶר הָאט גֶעגָאסֶען אֵייל אוֹיף
זֵיין שְׁפִּיץ:
19 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען דֶעם
נָאמֶען פוּן דֶעמְזֶעלְבֶּען אָרְט בֵּית אֵל
(הוֹיז פוּן גָאט), אָבֶּער פְרִיהֶער אִיז
גֶעוֶועזֶען דֶער נָאמֶען פוּן דֶער שְׁטָאט
לוּז:
20 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט מְנַדֵר גֶעוֶועזֶען אֵיין
נֶדֶר (גֶעבְּלִיבְּדֶע), אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
וֶוען גָאט וֶועט וִוירְקְלִיךְ מִיט מִיר זֵיין,
אוּנְד עֶר וֶועט מִיךְ בֶּעהִיטֶען אוֹיף
דִיזֶען וֶועג וָואס אִיךְ גֵייא, אוּנְד עֶר
וֶועט מִיר גֶעבֶּען בְּרוֹיט צוּם עֶסֶען אוּנְד
קְלֵיידֶער אָנְצוּקְלֵיידֶען:
21 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּרִיק קֶערֶען אִין
פְרִידֶען צוּ מֵיין פָאטֶערְס הוֹיז, אַזוֹי
זָאל דֶער הַאר זֵיין צוּ מִיר צוּ אֵיין
גָאט:
22 אוּנְד דִיזֶער שְׁטֵיין, וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעמַאכְט צוּ אֵיין דֶענְקְמָאל, זָאל זֵיין
דָאס הוֹיז פוּן גָאט, אוּנְד פוּן אַלֶעס
וָואס דוּא וֶועסְט צוּ מִיר גֶעבֶּען, וֶועל
אִיךְ דָאס צֶעהְנְטֶע טֵייל צוּ דִיר אָפְּגֶעבֶּען:

קאַפִּיטעל כט

א אוּנְד יַעֲקֹב הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
זֵיינֶע פִיס, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ
דֶעם לַאנְד, פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם
מָארְגֶען־לַאנְד (מִזְרַח):
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד נוּן
אֵיין בְּרוּנֶען אִין דֶעם פֶעלְד, אוּנְד נוּן
דָארְטֶען הָאבֶּען דְרֵייא סְטַאדֶעס פוּן
שָׁאף גֶעהוֹיעֶרְט דֶערְבֵּייא, דֶען פוּן
דֶעמְזֶעלְבֶּען בְּרוּנֶען פְלֶעגֶען זֵייא
אָנְטְרִינְקֶען דִיא סְטַאדֶעס, אוּנְד דֶער
שְׁטֵיין אִיז גְרוֹיס גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער
עֶפֶענוּנְג פוּן דֶעם בְּרוּנֶען:
3 אוּנְד עֶס פְלֶעגֶען זִיךְ דָארְטֶען
פַארְזַאמְלֶען אַלֶע פַאסְטוּכֶער אוּנְד זֵייא
פְלֶעגֶען אַרָאבּ וַואלְגֶערְן דֶעם שְׁטֵיין פוּן
דֶער עֶפֶענוּנְג פוּן דֶעם בְּרוּנֶען, אוּנְד
זֵייא פְלֶעגֶען אָנְטְרִינְקֶען דִיא שָׁאף,
אוּנְד זֵייא פְלֶעגֶען צוּרִיק לֵייגֶען דֶעם
שְׁטֵיין אוֹיף דֶער עֶפֶענוּנְג פוּן דֶעם
בְּרוּנֶען אוֹיף זֵיין אָרְט:
4 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
מֵיינֶע בְּרִידֶער, פוּן וַואנֶענְט זֵייט אִיהְר,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט מִיר זֶענֶען
פוּן חָרָן:
5 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
קֶענְט אִיהְר דֶעם לָבָן, דֶער זוּהְן פוּן
נָחוֹר? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר
קֶענֶען אִיהְם:
6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיז פְרִידֶען צוּ אִיהְם? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, פְרִידֶען; אוּנְד זֶעה רָחֵל זֵיינֶע
טָאכְטֶער קוּמְט מִיט דִיא שָׁאף:
7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נוּן דֶער
טָאג אִיז נָאךְ גְרוֹיס, (עֶס אִיז נָאךְ) נִיט
צֵייט אֵיינְצוּזַאמְלֶען דָאס פִיה, טְרִינְקְט
אָן דִיא שָׁאף, אוּנְד גֵייט פִיטֶערֶען:
8 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר
קֶענֶען נִיט, בִּיז אַז אַלֶע פַאסְטוּכֶער
וֶועלֶען זִיךְ פֶערְזַאמְלֶען, אוּנְד וֶועלֶען
אַרָאפּ וַואלְגֶערְן דֶעם שְׁטֵיין פוּן דֶער
עֶפֶענוּנְג פוּן דֶעם בְּרוּנֶען, אַזוֹי וֶועלֶען
מִיר אָנְטְרִינְקֶען דִיא שָׁאף:
9 ווִיא עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט מִיט
זֵייא, אַזוֹי אִיז רָחֵל גֶעקוּמֶען מִיט דִיא
שָׁאף וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צוּ אִיהְר
פָאטֶער, ווייל זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע
פַאסְטוּכֶערֶען:
10 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז יַעֲקֹב
האט

הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא רָחֵל, דִיא טָאכְטֶער פוּן לָבָן דֶער בְּרוּדֶער פוּן זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד דִיא שָׁאף פוּן לָבָן דֶער בְּרוּדֶער פוּן זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד אַזוֹי הָאט יַעֲקֹב גֶענֶעהֶנְט, אוּנְד עֶר הָאט אַרָאפּ־גֶעוַואלְגֶערְט דֶעם שְׁטֵיין פוּן דֶער עֶפֶּענוּנְג פוּן דֶעם בְּרוּנֶען, אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעטְרוּנְקֶען דִיא שָׁאף פוּן לָבָן, דֶער בְּרוּדֶער פוּן זַיינֶע מוּטֶער:

11 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט דִיא רָחֵל גֶעקוּשְׁט, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיין קוֹל אוּנְד עֶר הָאט גֶעוֵויינְט:

12 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט צוּ רָחֵל, דָאס עֶר אִיז דֶער בְּרוּדֶער (דֶער נֶעפֶע) פוּן אִיהְר פָאטֶער, אוּנְד דָאס עֶר אִיז דֶער זוּהְן פוּן רִבְקָה, אוּנְד זִיא אִיז גֶעלָאפֶען אוּנְד הָאט עֶס עֶרְצֵיילְט צוּ אִיהְר פָאטֶער:

13 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז לָבָן הָאט גֶעהֶערְט דִיא נָאכְרִיכְט פוּן יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן זַיין שְׁוֶועסְטֶער, אַזוֹי אִיז עֶר אִיהְם עֶנְטְגֶעגֶען גֶעלָאפֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעהַאלְזְט אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעקוּשְׁט, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אִין זַיין הוֹיז; אוּנְד עֶר הָאט עֶרְצֵיילְט צוּ לָבָן אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען:

14 אוּנְד לָבָן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַארְוָואהְר דוּא בִּיסְט מֵיין בֵּיין אוּנְד מֵיין פְלֵיישׁ, אוּנְד עֶר הָאט מִיט אִיהְם גֶעוְואוֹינְט אֵיין מָאנַאט פוּן טֶעג:

15 אוּנְד לָבָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ יַעֲקֹב, וֵוייל דוּא בִּיסְט מֵיין בְּרוּדֶער זָאלְסְטוּ מִיר דִינֶען אוּמְזָאנְסְט? זָאג מִיר וָואס זָאל דֵיין לוין (שָׂכָר) זַיין?

16 אוּנְד צוּ לָבָן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְוֵויא טֶעכְטֶער, דֶער נָאמֶען פוּן דֶער גְרֶע־סֶערֶען אִיז גֶעוֶועזֶען לֵאָה, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶער קְלֶענֶערֶען אִיז גֶעוֶוע־זֶען רָחֵל:

17 אוּנְד דִיא אוֹיגֶען פוּן לֵאָה זֶענֶען גֶעוֶועזֶען שְׁוַואךְ, אוּנְד רָחֵל אִיז גֶעוֶוע־זֶען שֵׁיין פוּן גֶעשְׁטַאלְט, אוּנְד שֵׁיין פוּן אָנְגֶעזִיכְט:

18 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט לִיבּ גֶעהַאט דִיא רָחֵל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל בֵּייא דִיר דִינֶען זִיבֶּען יָאהְר וֶועגֶען רָחֵל דֵיינֶע קְלֵיינֶע טָאכְטֶער:

19 אוּנְד לָבָן הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז בֶּעסֶער אַז אִיךְ זָאל זִיא גֶעבֶּען צוּ דִיר, דֶען דָאס אִיךְ זָאל זִיא גֶעבֶּען צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען מַאן, בְּלֵייבּ בֵּייא מִיר:

20 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעדִינְט וֶועגֶען רָחֵל זִיבֶּען יָאהְר, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין זַיינֶע אוֹיגֶען אַזוֹי וִויא אֵיינִיגֶע טֶעג, וֵוייל עֶר הָאט זִיא לִיבּ גֶעהַאט:

21 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט צוּ לָבָן, גִיבּ מִיר מֵיין וֵוייבּ, דֶען מֵיינֶע טֶעג זֶענֶען עֶרְפִילְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ אִיהְר קוּמֶען:

22 אוּנְד לָבָן הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אַלֶע לֵייט פוּן דֶעם אָרְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אֵיין מָאלְצֵייט:

23 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם אָבֶענְד, אַזוֹי הָאט עֶר גֶענוּמֶען דִיא לֵאָה זַיינֶע טָאכְטֶער, אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶעבְּרַאכְט צוּ אִיהְם, אוּנְד עֶר אִיז צוּ אִיהְר גֶעקוּמֶען:

24 אוּנְד לָבָן הָאט צוּ אִיהְר גֶעגֶעבֶּען דִיא זִלְפָּה זַיין דִינְסְט, צוּ לֵאָה זַיינֶע טָאכְטֶער צוּ אֵיין דִינְסְט:

25 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם

מָארְגֶען, אוּנְד זֶעה עֶס וַואר לֵאָה, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ לָבָן, וָאס אִיז
דִיזֶעס וָאס דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן צוּ
מִיר? הָאבּ אִיךְ נִיט בֵּייא דִיר גֶעדִינְט
וֶועגֶען רָחֵל, פַאר וָאס הָאסטוּ מִיךְ
בֶּעטְרָאגֶען?
26 אוּנְד לָבָן הָאט גֶעזָאגְט, עֶס וֶוערְט
נִיט אַזוֹי גֶעטְהוּן אִין אוּנְזֶער אָרְט,
צוּ גֶעבֶּען דִיא יִינְגֶערֶע פַאר דִיא
עֶלְטֶערֶע:
27 עֶרְפִּיל אִיהְר וָואךְ (הָאכְצֵייט), אוּנְד
מִיר וֶועלֶען צוּ דִיר אוֹיךְ דִיזֶע גֶעבֶּען,
וֶועגֶען דֶעם דִינְסְט וָאס דוּא זָאלְסְט
בֵּייא מִיר דִינֶען נָאךְ אַנְדֶערֶע זִיבֶּען
יָאהְר:
28 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן,
אוּנְד עֶר הָאט עֶרְפִּילְט אִיהְר וָואךְ,
אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען
דִיא רָחֵל זֵיינֶע טָאכְטֶער פַאר אֵיין
וֵוייבּ:
29 אוּנְד לָבָן הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ רָחֵל
זֵיינֶע טָאכְטֶער, דִיא בִּלְהָה זֵיין דִינְסְט,
צוּ אִיהְר פַאר אֵיין דִינְסְט:
30 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען צוּ
רָחֵל, אָבֶּער עֶר הָאט אוֹיךְ דִיא רָחֵל
מֶעהְר לִיבּ גֶעהַאט פוּן לֵאָה, אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם גֶעדִינְט נָאךְ אַנְדֶערֶע
זִיבֶּען יָאהְר:
31 אוּנְד דֶער הַאר (גָאט) הָאט גֶע־
זֶעהֶען אַז לֵאָה אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעהַאסְט
אַזוֹי הָאט עֶר גֶעעֶפֶענְט אִיהְר מוּטֶער־
לֵייבּ, אָבֶּער רָחֵל אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנ־
פְרוּכְטְבַּאר:
32 אוּנְד לֵאָה אִיז טְרָאגֶעדִיג גֶעוָוארֶען
אוּנְד זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען אֵיין זוּהְן,
אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען זֵיין נָאמֶען
רְאוּבֵן, דֶען זִיא הָאט גֶעזָאגְט, וֵוייל
דֶער הַאר (גָאט) הָאט גֶעזֶעהֶען מֵיין
פֵּיין, וָוארִין יֶעצְט וֶועט מִיךְ מֵיין מַאן
לִיבּ הָאבֶּען:
33 אוּנְד זִיא אִיז נָאכְאֵיינְמָאל טְרָא־
גֶעדִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד זִיא הָאט
גֶעבּוֹירֶען אֵיין זוּהְן, אוּנְד זִיא הָאט
גֶעזָאגְט, וֵוייל דֶער הַאר (גָאט) הָאט
גֶעהֶערְט אַז אִיךְ בִּין גֶעהַאסְט, אַזוֹי
הָאט עֶר מִיר אוֹיךְ דִיזֶען גֶעגֶעבֶּען,
אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען זֵיין נָאמֶען
שִׁמְעוֹן:
34 אוּנְד זִיא אִיז נָאכְאֵיינְמָאל טְרָא־
גֶעדִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶע־
בּוֹירֶען אֵיין זוּהְן, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט
יֶעצְט דִיזֶעס מָאל וֶועט זִיךְ מֵיין מַאן
צוּ מִיר בֶּעהֶעפְטֶען, דֶען אִיךְ הָאבּ צוּ
אִיהְם גֶעבּוֹירֶען דְרֵייא זִיהְן, דָארוּם
הָאט זִיא גֶערוּפֶען זֵיין נָאמֶען לֵוִי:
35 אוּנְד זִיא אִיז נָאכְאֵיינְמָאל טְרָא־
גֶעדִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד זִיא הָאט
גֶעבּוֹירֶען אֵיין זוּהְן, אוּנְד זִיא הָאט
גֶעזָאגְט, דִיזֶעס מָאל וֶועל אִיךְ לוֹיבֶּען
דֶעם הַאר (גָאט), דָארוּם הָאט זִיא
גֶערוּפֶען זֵיין נָאמֶען, יְהוּדָה, אוּנְד זִיא
הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ גֶעבֶּערֶען:

## קאפיטל ל

א אוּנְד רָחֵל הָאט גֶעזֶעהֶען אַז זִיא
הָאט נִיט גֶעבּוֹירֶען צוּ יַעֲקֹב, אַזוֹי
הָאט רָחֵל אִיהְר שְׁוֶועסְטֶער מְקַנֵא
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט
צוּ יַעֲקֹב, גִיבּ מִיר קִינְדֶער, אוּנְד וֶוען
נִיט אַזוֹי וֶועל אִיךְ שְׁטַארְבֶּען:
2 אוּנְד דֶער צָארֶען פוּן יַעֲקֹב הָאט
זִיךְ עֶרְגְרִימְט אִיבֶּער רָחֵל, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, בִּין אִיךְ דֶען אַנְשְׁטָאט
פוּן גָאט, וָאס הָאט פֶערְמִיטֶען פוּן
דִיר דִיא פְרוּכְט פוּן דֶעם בּוֹיךְ?

3 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה מֵיין דִינְסְט בִּלְהָה, קוּם צוּ אִיהְר, אוּנְד זִיא זָאל גֶעבֶּערֶען אוֹיף מֵיינֶע קְנִיא, אוּנְד אִיךְ װֶעל אוֹיךְ פוּן אִיהְר אוֹיפְגֶעבּוֹיעְט װֶערֶען :

4 אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען דִיא בִּלְהָה אִיהְר דִינְסְט צוּ אַיין װַייבּ, אוּנְד יַעֲקֹב אִיז צוּ אִיהְר גֶעקוּמֶען :

5 אוּנְד בִּלְהָה אִיז טְרָאגֶעדִיג גֶעװָארֶען אוּנְד זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען אַיין זוּהְן צוּ יַעֲקֹב :

6 אוּנְד רָחֵל הָאט גֶעזָאגְט, גָאט הָאט מִיךְ גֶערִיכְטֶעט אוּנְד הָאט אוֹיךְ גֶעהֶערְט צוּ מֵיין קוֹל, אוּנְד עֶר הָאט מִיר אַיין זוּהְן גֶעגֶעבֶּען, דָארוּם הָאט זִיא גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען דָן :

7 אוּנְד זִיא אִיז נָאכְאַיינְמָאל טְרָאגֶעדִיג גֶעװָארֶען, אוּנְד בִּלְהָה דִיא דִינְסְט פוּן רָחֵל הָאט אַיין צְװַייטֶען זוּהְן גֶעבּוֹירֶען צוּ יַעֲקֹב :

8 אוּנְד רָחֵל הָאט גֶעזָאגְט, דִיא קַאמְפְּף פוּן גָאט, הָאבּ אִיךְ גֶעקֶעמְפְּפְט מִיט מֵיין שְׁװֶעסְטֶער, אִיךְ בִּין אוֹיךְ בֵּייא גֶעקוּמֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען נַפְתָּלִי :

9 אוּנְד לֵאָה הָאט גֶעזֶעהֶען אַז זִיא הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט פוּן צוּ גֶעבֶּערֶען, אַזוֹי הָאט זִיא גֶענוּמֶען דִיא זִלְפָּה אִיהְר דִינְסְט, אוּנְד זִיא הָאט זִיא גֶעגֶעבֶּען צוּ יַעֲקֹב צוּ אַיין װַייבּ :

10 אוּנְד זִלְפָּה דִיא דִינְסְט פוּן לֵאָה הָאט גֶעבּוֹירֶען אַיין זוּהְן צוּ יַעֲקֹב :

11 אוּנְד לֵאָה הָאט גֶעזָאגְט, עֶס קוּמְט גְלִיק, אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען גָד :

12 אוּנְד זִלְפָּה, דִיא דִינְסְט פוּן לֵאָה, הָאט אַיין צְװַייטֶען זוּהְן גֶעבּוֹירֶען צוּ יַעֲקֹב :

13 אוּנְד לֵאָה הָאט גֶעזָאגְט, אִין מֵיינֶע גְלִיקְלִיכְקֵייט ! דֶען מִיךְ װֶעלֶען דִיא טֶעכְטֶער גְלִיקְלִיךְ לוֹיבֶּען, אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען אָשֵׁר :

14 אוּנְד רְאוּבֵן אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא טֶעג װָאס מֶען שְׁנֵיידֶעט דֶען װֵייץ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעפוּנֶען דוּדָאִים אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעבְּרַאכְט צוּ לֵאָה זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד רָחֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ לֵאָה, גִיבּ מִיר, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, פוּן דִיא דוּדָאִים פוּן דֵיין זוּהְן :

15 אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, אִיז עֶס דֶען װֵייניג אַז דוּא הָאסְט גֶענוּמֶען מֵיין מַאן, אוּנְד דוּא װִילְסְט אוֹיךְ גֶענֶעמֶען דִיא דוּדָאִים פוּן מֵיין זוּהְן ? אוּנְד רָחֵל הָאט גֶעזָאגְט, דָארוּם זָאל עֶר מִיט דִיר לִיגֶען דִיזֶע נַאכְט, װֶעגֶען דִיא דוּדָאִים פוּן דֵיין זוּהְן :

16 אוּנְד יַעֲקֹב אִיז גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם פֶעלְד אִין דֶעם אָבֶענְד, אוּנְד לֵאָה אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אֶנְטְגֶעגֶען אִיהְם, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט צוּ מִיר קוּמֶען, דֶען אִיךְ הָאבּ דִיךְ װִירְקְלִיךְ גֶעדוּנְגֶען װֶעגֶען דִיא דוּדָאִים פוּן מֵיין זוּהְן, אוּנְד עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען מִיט אִיהְר דִיזֶע נַאכְט :

17 אוּנְד גָאט הָאט גֶעהֶערְט צוּ לֵאָה, אוּנְד זִיא אִיז טְרָאגֶעדִיג גֶעװָארֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען צוּ יַעֲקֹב אַיין פִינְפְטֶען זוּהְן :

18 אוּנְד לֵאָה הָאט גֶעזָאגְט, גָאט הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען מֵיין שָׂכָר, װֵייל אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען מֵיין דִינְסְט צוּ מֵיין מַאן, אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען יִשָּׂשכָר :

19 אוּנְד זִיא אִיז נָאכְאֵיינְמָאל טְרָאַ־
גֶערִיג גֶעוָוארֶען אוּנְד זִיא הָאט
גֶעבּוֹירֶען אֵיין זֶעקְסְטֶען זוּהְן צוּ יַעֲקֹב:
20 אוּנְד לֵאָה הָאט גֶעזָאגְט גָאט
הָאט מִיר צוּגֶעטֵיילְט אֵיין גוּטֶען טְהֵייל,
דֶען דִיזֶעס מָאל וֶועט מֵיין מַאן זִיךְ צוּ
מִיר בֶּעהֶעפְטֶען, דֶען אִיךְ הָאבּ צוּ
אִיהְם גֶעבּוֹירֶען זֶעקְס זִיהְן, אוּנְד זִיא
הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען זְבֻלוּן:
21 אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאט זִיא גֶעבּוֹירֶען
אֵיינֶע טָאכְטֶער, אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען
אִיהְר נָאמֶען דִינָה:
22 אוּנְד גָאט הָאט גֶעדַאכְט אָן רָחֵל,
אוּנְד גָאט הָאט גֶעהֶערְט צוּ אִיהְר, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעעֶפֶענְט אִיהְר מוּטֶערְלֵייבּ:
23 אוּנְד זִיא אִיז טְרָאגֶעדִיג גֶעוָוארֶען,
אוּנְד זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען אֵיין זוּהְן,
אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, גָאט הָאט
אַוֶועק־גֶענוּמֶען מֵיין שַׁאנְד:
24 אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען
יוֹסֵף, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער הַאר (גָאט)
וֶועט מֶעהְרֶען צוּ מִיר אֵיין אַנְדֶערֶען
זוּהְן:
25 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז רָחֵל
הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם יוֹסֵף, אַזוֹי הָאט
יַעֲקֹב גֶעזָאגְט צוּ לָבָן, שִׁיק מִיךְ אַוֶועק
אוּנְד אִיךְ וֶועל גֵיין צוּ מֵיין אָרְט אוּנְד
צוּ מֵיין לַאנְד:
26 גִיבּ מִיר מֵיינֶע וַוייבֶּער אוּנְד
מֵיינֶע קִינְדֶער, וָואס אִיךְ הָאבּ בֵּייא
דִיר גֶעדִינְט פַאר זֵייא, אוּנְד אִיךְ וֶועל
גֵיין, דֶען דוּא וַוייסְט מֵיין דִינְסְט וָואס
אִיךְ הָאבּ בֵּייא דִיר גֶעדִינְט:
27 אוּנְד לָבָן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט
וֶוען אִיךְ הָאבּ נוּן גֶעפוּנֶען גְנָאד אִין
דֵיינֶע אוֹיגֶען, אִיךְ הָאבּ עֶרפַאהְרֶען
(דָאס) דֶער הַאר (גָאט) הָאט מִיךְ
גֶעבֶּענְשְׁט פוּן דֵיינֶעטְ וֶועגֶען:
28 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בֶּעשְׁטִים
(דוּא) דֵיין לוֹין (שָׂכָר) אוֹיף מִיר, אוּנְד
אִיךְ וֶועל עֶס גֶעבֶּען:
29 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דוּא וַוייסְט עֶס וִויא אִיךְ הָאבּ דִיר
גֶעדִינְט, אוּנְד וָואס דֵיין פִּיה אִיז
גֶעוָוארֶען מִיט מִיר:
30 דֶען דָאס וֵוינִיגֶע וָואס דוּא הָאסְט
גֶעהַאט פַאר מִיר, הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶע־
בְּרֵייטֶעט צוּ פִיל, אוּנְד דֶער הַאר
(גָאט) הָאט דִיךְ גֶעבֶּענְשְׁט צוּ מֵיינֶע
פִּיס, אוּנְד יֶעצְט וֶוען זָאל אִיךְ עֶס אוֹיךְ
טְהוּן פַאר מֵיין הוֹיז גֶעזִינְד?
21 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס זָאל
אִיךְ דִיר גֶעבֶּען? אוּנְד יַעֲקֹב הָאט
גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט מִיר גָאר נִיט
גֶעבֶּען, וֶוען דוּא ווִילְסְט אָבֶּער צוּ מִיר
טְהוּן דִיזֶע זַאךְ, וֶועל אִיךְ צוּרִיק קֶערֶען
פִּיטֶערֶען דֵיינֶע שָׁאף, אוּנְד וֶועל זֵייא
הִיטֶען:
32 אִיךְ וֶועל דוּרְךְ גֵיין הֵיינְט בֵּייא
אַלֶע דֵיינֶע שָׁאף, טְהוּ אָפּ פוּן
דָארְטֶען אַלֶע לֶעמֶער גֶעשְׁפְּרֵיינְקֶעלְטֶע
אוּנְד גֶעפְלֶעקְטֶע, אוּנְד יֶעדֶעס לַאם
וָואס אִיז רוֹיט אוּנְטֶער דִיא שָׁאף,
אוּנְד גֶעפְלֶעקְטֶע אוּנְד גֶעשְׁפְּרֵיינְקֶעלְטֶע
אוּנְטֶער דִיא צִיגֶען, אוּנְד עֶס זָאל זֵיין
מֵיין לוֹין (שָׂכָר):
33 אוּנְד מֵיין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט זָאל פַאר
מִיר צֵייגֶען אִין דֶעם מָארְגֶענְדֶען טָאג,
וֶוען דוּא וֶועסְט קוּמֶען אוֹיף מֵיין
לוֹין, פַאר דִיר, אַלֶעס וָואס אִיז
נִיט גֶעשְׁפְּרֵיינְקֶעלְט אוּנְד גֶעפְלֶעקְט אִין
דִיא צִיגֶען, אוּנְד רוֹיט אִין שָׁאף,
דָאס אִיז וִויא גֶעגַאנְבֶעט בֵּייא מִיר:
34 אוּנְד לָבָן הָאט גֶעזָאגְט. נוּן הַלְוַאי
זאל

זָאל עֶס זַיין אַזוֹי וִויא דֵיינֶע רֵייד׃
35 אוּנְד עֶר הָאט אָפּגֶעטְהוּן אִין דֶעם
זֶעלְבֶּען טָאג דִיא בֶּעק דִיא גֶעשְׁטְר־
רֵייפְּטֶע אוּנְד דִיא גֶעפְּלֶעקְטֶע, אוּנְד
אַלֶע צִיגֶען דִיא גֶעשְׁטְרֵייפְּטֶע אוּנְד דִיא
גֶעפְּלֶעקְטֶע, אַלֶעס וָואס וֵויס אִיז אִין
אִיהְם, אוּנְד יֶעדֶעס רוֹיטֶע אִין דִיא
שָׁאף, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען
אִין דִיא הֶענְד פוּן זֵיינֶע זִיהְן׃
36 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן אֵיין וֶועג
פוּן דְרֵייא טֶעג צְווִישֶׁען זִיךְ אוּנְד
צְווִישֶׁען יַעֲקֹב, אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶער־
פִּיטֶערְט דִיא אִיבֶּערִיגֶע שָׁאף פוּן לָבָן׃
37 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען פְרִישֶׁע
שְׁטֶעקֶען פוּן גוּמִי בֵּיימֶער אוּנְד מַאנְדֶעל
בֵּיימֶער אוּנְד קַאסְטַאנְיֶען בֵּיימֶער, אוּנְד
הָאט גֶעשֵׁיילְט וֵוייסֶע שְׁטְרֵייפֶען, אוֹיף
גֶעדֶעקְט דָאס וֵוייסֶע וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
אוֹיף דִיא שְׁטֶעקֶען׃
38 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט דִיא
שְׁטֶעקֶען וָואס עֶר הָאט גֶעשֵׁיילְט, אִין
דִיא קָארֶעטֶעס, דִיא קָארֶעטֶעס פוּן
וַואסֶער אַווּאוּ דִיא שָׁאף פְלֶעגֶען קוּמֶען
צוּ טְרִינְקֶען, עֶנְטְגֶעגֶען דִיא שָׁאף, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דֶער הִיצְט, וֶוען זֵייא
זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ טְרִינְקֶען׃
39 אוּנְד דִיא שָׁאף הָאבֶּען דֶער־
הִיצְט (אָדֶער עֶמְפְּפַאנְגֶען) עֶנְטְגֶעגֶען
דִיא שְׁטֶעקֶענְס, אוּנְד דִיא שָׁאף הָאבֶּען
גֶעבּוֹירֶען גֶעשְׁטְרֵייפְּטֶע, גֶעשְׁפְּרֵיינְ־
קֶעלְטֶע, אוּנְד גֶעפְּלֶעקְטֶע׃
40 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט דִיזֶע לֶעמֶער
אָפּגֶעשֵׁייד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן
דָאס אָנְגֶעזִיכְט פוּן דִיא שָׁאף צוּ דִיא
גֶעשְׁפְּרֵיינְקֶעלְטֶע, אוּנְד אַלֶע רוֹיטֶע
אוּנְטֶער דִיא שָׁאף פוּן לָבָן, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעשְׁטֶעלְט פַאר זִיךְ סְטַאדֶעס
בֶּעזוּנְדֶער, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא נִיט
גֶעטְהוּן מִיט דִיא שָׁאף פוּן לָבָן׃
41 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען בֵּייא
יֶעדֶען דֶערְהִיצֶען פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע
שָׁאף, אַזוֹי הָאט יַעֲקֹב גֶעטְהוּן דִיא
שְׁטֶעקֶענְס פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא
שָׁאף אִין דִיא קָארֶעטֶעס, זֵייא זָאלֶען
זִיךְ דֶערְהִיצֶען בֵּייא דִיא שְׁטֶעקֶענְס׃
42 אָבֶּער וֶוען דִיא שָׁאף זֶענֶען
שְׁוַואךְ גֶעוֶועזֶען הָאט עֶר זֵייא נִיט
גֶעטְהוּן, אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא
שְׁוַואכֶע צוּ לָבָן אוּנְד דִיא שְׁטַארְקֶע
צוּ יַעֲקֹב׃
43 אוּנְד דֶער מַאן הָאט זִיךְ גַאנְץ זֵייעֶר
אוֹיסְגֶעבְּרֵייט, אוּנְד עֶס אִיז צוּ
אִיהְם גֶעוֶועזֶען, פִיל שָׁאף אוּנְד
דִינְסְטֶען אוּנְד קְנֶעכְט אוּנְד קֶעמְלֶען
אוּנְד אֵייזֶעלְן׃

קאפיטעל לא

א אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֶערְט דִיא
וֶוערְטֶער פוּן דִיא זִיהְן פוּן לָבָן, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, יַעֲקֹב הָאט אַוֶועק גֶענוּמֶען
אַלֶעס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אוּנְזֶער
פָאטֶער, אוּנְד פוּן דֶעם וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען צוּ אוּנְזֶער פָאטֶער הָאט עֶר
גֶעמַאכְט אַלֶע דִיזֶע הֶערְלִיכְקֵייט׃
2 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס
אָנְגֶעזִיכְט פוּן לָבָן, אוּנְד זֶעה, עֶר אִיז
נִיט מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא
נֶעכְטֶען אוּנְד אֵייעֶר־נֶעכְטֶען׃
3 אוּנְד דֶער הַאר (גָאט) הָאט גֶעזָאגְט
צוּ יַעֲקֹב, קֶער צוּרִיק צוּ דֶעם לַאנְד
פוּן דֵיינֶע עֶלְטֶערֶען אוּנְד צוּ דֵיינֶע
גֶעבּוּרְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַיין מִיט דִיר׃
4 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְד
עֶר הָאט גֶערוּפֶען צוּ רָחֵל אוּנְד צוּ
לֵאָה אוֹיף דֶעם פֶעלְד בֵּייא זֵיינֶע שָׁאף׃

5 אוּנד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ זֶעה דָאס אָנְגֶעזִיכְט פוּן אֵייעֶר פָאטֶער, דָאס עֶר אִיז נִיט צוּ מִיר אַזוֹי ווִיא נֶעכְטֶען אוּנד אֵייעֶר־נֶעכְטֶען, אוּנד דֶער גָאט פוּן מֵיין פָאטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט מִיר:

6 אוּנד אִיהְר ווֵייסְט דָאךְ דָאס מִיט מֵיינֶע גַאנְצֶע קְרַאפְט הָאבּ אִיךְ גֶעדִינְט אֵייעֶר פָאטֶער:

7 אוּנד אֵייעֶר פָאטֶער הָאט מִיךְ בֶּעטְרוֹיגֶען, אוּנד עֶר הָאט פַארְבִּיטֶען מֵיין לוֹין צֶעהְן מָאל, אָבֶּער גָאט הָאט אִיהְם נִיט צוּגֶעלָאזְט מִיט מִיר שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן:

8 ווֶען עֶר הָאט אַזוֹי גֶעזָאגְט, דָאס דִיא גֶעפְּלֶעקְטֶע זָאל זֵיין דֵיין לוֹין, אַזוֹי הָאבֶּען אַלֶע שָׁאף גֶעבּוֹירֶען גֶעפְּלֶעקְטֶע, אוּנד ווֶען עֶר הָאט אַזוֹי גֶעזָאגְט, דָאס גֶעשְׁטְרֵייפְטֶע זָאל זֵיין דֵיין לוֹין, אַזוֹי הָאבֶּען אַלֶע שָׁאף גֶעבּוֹירֶען גֶעשְׁטְרֵייפְטֶע:

9 אוּנד גָאט הָאט אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט דִיא שָׁאף פוּן אֵייעֶר פָאטֶער, אוּנד עֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען צוּ מִיר:

10 אוּנד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער צֵייט ווָאס דִיא שָׁאף דֶערהִיצֶען זִיךְ, אוּנד אִיךְ הָאךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אִין דֶעם חָלוֹם, אוּנד זֶעה, דִיא בֶּעק ווָאס זֶענֶען אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא שָׁאף, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גֶעשְׁטְרֵייפְטֶע גֶעפְּלֶעקְטֶע אוּנד גֶעשְׁפְּרֵיינְקֶעלְטֶע:

11 אוּנד דֶער מַלְאַךְ פוּן גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט אִין חָלוֹם, יַעֲקֹב, אוּנד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, הִיר בִּין אִיךְ:

12 אוּנד עֶר הָאט גֶעזָאגְט הֵייבּ אוֹיף דֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנד זֶעה, אַלֶע בֶּעק ווָאס גֵייעֶן אַרוֹיף אוֹיף דִיא שָׁאף זֶענֶען גֶעשְׁטְרֵייפְטֶע, גֶעפְּלֶעקְטֶע, אוּנד גֶעשְׁפְּרֵיינְקֶעלְטֶע, דֶען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַלֶעס ווָאס לָבָן הָאט צוּ דִיר גֶעטְהוּן:

13 אִיךְ בִּין דֶער גָאט פוּן בֵּית אֵל, ווְאוּ דוּא הָאסְט דָארְט גֶעזַאלְבְּט אֵיין דֶענְקְמָאל, ווְאוּ דוּא הָאסְט צוּ מִיר דָארְטֶען מְנַדֵר גֶעוֶועזֶען אֵיין נֶדֶר, יֶעצְט שְׁטֵייא אוֹיף אוּנד גֵייא אַרוֹיס פוּן דִיזֶען לַאנְד, אוּנד קֶער צוּרִיק צוּ דֶעם לַאנְד פוּן דֵיינֶע גֶעבּוּרְט:

14 אוּנד רָחֵל אוּנד לֵאָה הָאבֶּען גֶעעַנְטְוָוארְטֶעט אוּנד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיז דֶען נָאךְ צוּ אוּנְס אַ טֵייל אָדֶער אֵיין עֶרְבְשַׁאפְט אִין דֶעם הוֹיז פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער?

15 זֶענֶען מִיר דֶען נִיט צוּ אִיהְם גֶערֶעכֶענְט אַזוֹי ווִיא פְרֶעמְדֶע? דֶען עֶר הָאט אוּנְס פֶערְקוֹיפְט, אוּנד עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעווִיס אוֹיף גֶעגֶעסֶען אוּנְזֶער גֶעלְד:

16 דֶען דֶער גַאנְצֶער רֵייכְטְהוּם ווָאס גָאט הָאט אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער, דָאס גֶעהֶערְט צוּ אוּנְס אוּנד צוּ אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער, אוּנד יֶעצְט אַלֶעס ווָאס גָאט הָאט צוּ דִיר גֶעזָאגְט טְהוּ:

17 אוּנד יַעֲקֹב אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיינֶע קִינְדֶער אוּנד זֵיינֶע ווַייבֶּער אוֹיף דִיא קֶעמְלֶען:

18 אוּנד עֶר הָאט אַוֶועק גֶעפִירְט זֵיין גַאנְצֶעס פִיה, אוּנד זֵיין גַאנְצֶעס פַארְמֶעגֶען ווָאס עֶר הָאט עֶרְוָוארְבֶּען, דָאס פִיה ווָאס עֶר הָאט גֶעקוֹיפְט, ווָאס עֶר הָאט עֶרְוָוארְבֶּען אִין פַּדַן אֲרָם, צוּ קוּמֶען צוּ יִצְחָק זֵיין פָאטֶער, נָאךְ דֶעם לַאנְד כְּנַעַן:



אונד

19 אוּנְד לָבָן אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ שֶׁערֶען זַיינֶע שָׁאף, אוּנְד רָחֵל הָאט גֶעגַנְבֶעט דִיא גֶעצֶען־בִּילְדֶער וָואס זֶענֶען גֶע־וֶועזֶען צוּ אִיהְר פָאטֶער׃

20 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעגַנְבֶעט דָאס הַארְץ פוּן לָבָן דֶעם אֲרַמִּי וֵוייל עֶר הָאט אִיהְם נִיט גֶעזָאגְט דָאס עֶר וִויל אַנְטלוֹיפֶען׃

21 אוּנְד עֶר אִיז אַנְטְלָאפֶען, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד עֶר אִיז אַרִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם טַייךְ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן זַיין אָנְגֶעזִיכְט צוּ דֶעם בַּארְג גִלְעָד׃

22 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ לָבָן אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג, דָאס יַעֲקֹב אִיז עֶנְטְלָאפֶען׃

23 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען מִיט זִיךְ זַיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם נָאכְגֶעיָאגְט, אַיין וֶועג פוּן זִיבֶּען טֶעג, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ צוּא אִיהְם בֶּעהֶעפְט בַּייא דֶעם בַּארְג גִלְעָד׃

24 אוּנְד גָאט אִיז גֶעקוּמֶען צוּ לָבָן דֶעם אֲרַמִּי אִין דֶעם חָלוֹם בַּייא דֶער נַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הִיט דִיךְ, אַז דוּא זָאלְסְט נִיט רֶעדֶען מִיט יַעֲקֹב פוּן גוּטֶעס בִּיז שְׁלֶעכְטֶעס׃

25 אוּנְד לָבָן הָאט עֶרְגְרֵייכְט דֶעם יַעֲקֹב, אוּנְד יַעֲקֹב הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט זַיין גֶעצֶעלְט אוֹיף דֶעם בַּארְג, אוּנְד לָבָן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער הָאבֶען אוֹיפְ־גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דֶעם בַּארְג גִלְעָד׃

26 אוּנְד לָבָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ יַעֲקֹב, וָואס הָאסְטוּ גֶעטְהוּן, דָאס דוּא הָאסְט גֶעגַנְבֶעט מֵיין הַארְץ, אוּנְד דוּא הָאסְט אַוֶועק גֶעפִירְט מֵיינֶע טֶעכְטֶער וִויא גֶעפַאנְגֶענֶע פוּן דֶעם שְׁוֶוערְט?

27 וָוארוּם בִּיסְטוּ אִים פַארְבָּארְגֶעם עֶנְטְלָאפֶען אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ בֶּעגַנְבֶעט, אוּנְד דוּא הָאסְט מִיר נִיט גֶעזָאגְט, אִיךְ וָואלְט דִיךְ אַוֶועק גֶעשִׁיקְט מִיט פְרֵיידֶען אוּנְד מִיט גֶעזַאנְג, מִיט פוּיקֶען אוּנְד מִיט הַארְפֶען?

28 אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ נִיט צוּ גֶעלָאזֶען צוּ קוּשֶׁען מֵיינֶע זִיהְן אוּנְד מֵיינֶע טֶעכְטֶער, יֶעצְט דוּא הָאסְט נַארִישׁ גֶעטְהוּן׃

29 עֶס אִיז אִין מֵיינֶע קְרַאפְט צוּ טְהוּן מִיט אֵייךְ שְׁלֶעכְטֶעס, אָבֶּער דֶער גָאט פוּן אֵיירֶע פֶעטֶער הָאט נֶעכְטֶען צוּ מִיר גֶעזָאגְט, הִיט דִיךְ דָאס דוּא זָאלְסְט נִיט רֶעדֶען מִיט יַעֲקֹב פוּן גוּטֶעס בִּיז שְׁלֶעכְטֶעס׃

30 אוּנְד יֶעצְט בִּיסְטוּ וִוירְקְלִיךְ אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, דֶען וֵוייל דוּא הָאסְט זֵייעֶר גֶעגְלוּסְט נָאךְ דֵיין פָאטֶערְס הוֹיז, פַאר וָואס הָאסְטוּ גֶעגַנְבֶעט מֵיין גָאט?

31 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעעַנְטְפָארְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ לָבָן, וֵוייל אִיךְ הָאבּ מוֹרָא גֶעהַאט, דֶען אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט, פִילֵייכְט וֶועסְטוּ רוֹיבֶּען דֵיינֶע טֶעכְטֶער פוּן מִיר׃

32 בַּייא וֶועמֶען דוּא וֶועסְט גֶעפִינֶען דֵיינֶע גֶעטֶער דֶער זָאל נִיט לֶעבֶּען, אִין דֶער גֶעגֶענְוַוארְט פוּן אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער דֶערְקֶען וָואס דֵיין אִיז בַּייא מִיר, אוּנְד נֶעם עֶס צוּ דִיר, אוּנְד יַעֲקֹב הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט דָאס רָחֵל הָאט זֵייא גֶעגַנְבֶעט׃

33 אוּנְד לָבָן אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן לֵאָה, אוּנְד אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא צְוֵוייא דִינְסְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעפוּנֶען, אוּנְד

עֶר אִיז אַרויס גֶעגַאַנְגֶען פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן לֵאָה, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן רָחֵל:

34 אוּנְד רָחֵל הָאט גֶענוּמֶען דִיא גֶעצֶען־בִּילְדֶער אוּנְד הָאט זֵייא גֶעטְהוּן אִין דֶעם זָאטֶעל פוּן דֶעם קֶעמֶעל, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ אויף זֵייא גֶעזֶעצְט, אוּנְד לָבָן הָאט בֶּעטַאפְּט דָאס גַאנְצֶע גֶעצֶעלְט, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעפוּנֶען:

35 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְר פָּאטֶער, לָאז עֶס נִיט פֶּערְדְרִיסֶען אִין דִיא אויגֶען פוּן מֵיין הַאר, דָאס אִיךְ קֶען נִיט אויפשְׁטֵיין פַאר דִיר, דֶען עֶס אִיז צוּ מִיר נָאךְ דֶעם שְׁטֵייגֶער פוּן דִיא ווֵייבֶּער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזוּכְט, אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גֶעפוּנֶען דִיא גֶעצֶען־בִּילְדֶער:

36 אוּנְד עֶס הָאט יַעֲקֹב פֶּערְדְרָאסֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעקְרִיגְט מִיט לָבָן, אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ לָבָן, וָואס אִיז מֵיין שׁוּלְד, אוּנְד וָואס אִיז מֵיין זִינְד וָואס דוּא הָאסְט מִיךְ אַזוֹי נָאכְגֶעיָאגְט?

37 דֶען דוּא הָאסְט בֶּעטַאפְּט אַלֶע מֵיינֶע כֵּלִים, וָואס הָאסְטוּ גֶעפוּנֶען פוּן אַלֶע כֵּלִים פוּן דֵיין הויז, טְהוּ אַזָאלְכֶעס הִיר גֶעגֶען מֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד דֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד לָאזֶען זֵייא רִיכְטֶען צְווִישֶׁען אוּנְס בֵּיידֶע:

38 עֶס אִיז שׁוֹין צְוַואנְצִיג יָאהְר בִּין אִיךְ בֵּייא דִיר גֶעוֶועזֶען, דֵיינֶע שָׁאף אוּנְד דֵיינֶע צִיגֶען הָאבֶּען נִיט פֶּער־וָוארְפֶען, אוּנְד דִיא ווִידְדֶער פוּן דֵיינֶע שַׁאף הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעגֶעסֶען:

39 אֵיין פַארְצוּקְטֶעס (טְרֵפָה) הָאבּ אִיךְ דִיר נִיט גֶעבְּרַאכְט, מִיר הָאט עֶס גֶעפֶּעלְט, פוּן מֵיין הַאנְד הָאסְטוּ עֶס גֶעזוּכְט, וָואס עֶס אִיז גֶעגַנְבֶעט גֶעוָוארֶען בֵּייא טָאג אוּנְד וָואס עֶס אִיז גֶעגַנְבֶעט גֶעוָוארֶען בֵּייא נַאכְט:

40 אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען בֵּייא טָאג פַארְצֶעהְרְט פוּן דִיא הִיץ, אוּנְד פוּן דִיא קֶעלְט בֵּייא דֶער נַאכְט, אוּנְד עֶס אִיז פַארְוָואגֶעלְט גֶעוָוארֶען דֶער שְׁלָאף פוּן מֵיינֶע אויגֶען:

41 עֶס אִיז צוּ מִיר שׁוֹין צְוַואנְצִיג יָאהְר אַז אִיךְ הָאבּ גֶעדִינְט אִין דֵיין הויז, פֶערְצֶעהֶן יָאהְר וֶועגֶען דֵיינֶע צְווֵייא טֶעכְטֶער, אוּנְד זֶעקְס יָאהְר וֶועגֶען דֵיינֶע שָׁאף, אוּנְד דוּא הָאסְט פֶּער־בִּיטֶען מֵיין לוֹין צֶעהֶן מָאל:

42 וֶוען נִיט דֶער גָאט פוּן מֵיין פָּאטֶער, דֶער גָאט פוּן אַבְרָהָם. אוּנְד דִיא פוּרְכְט פוּן יִצְחָק וָואלְט נִיט גֶעוֶועזֶען מִיט מִיר, אַזוֹי וָואלְסְטוּ מִיךְ יֶעצְט לֵיידִיג אַוֶועק גֶעשִׁיקְט, אָבֶּער גָאט הָאט גֶעזֶעהֶען מֵיין פֵּיין אוּנְד דִיא אַרְבֵּייט פוּן מֵיינֶע הֶענְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעכְטֶען עֶנְטְשִׁידֶען:

43 אוּנְד לָבָן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ יַעֲקֹב, דִיא טֶעכְטֶער זֶענֶען מֵיינֶע טֶעכְטֶער, אוּנְד דִיא זִיהְן זֶענֶען מֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד דִיא שָׁאף זֶענֶען מֵיינֶע שָׁאף, אוּנְד אַלֶעס וָואס דוּא זֶעהְסְט דָאס גֶעהֶערְט צוּ מִיר, אָבֶּער וָואס זָאל אִיךְ הֵיינְט טְהוּן צוּ דִיזֶע מֵיינֶע טֶעכְטֶער? אָדֶער צוּ זֵייעֶרֶע זִיהְן וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעבּוֹירֶען?

44 אוּנְד יֶעצְט, קוּם, אוּנְד מִיר וֶועלֶען אֵיין בּוּנְד מַאכֶען, אִיךְ אוּנְד דוּא, אוּנְד עֶס זָאל זֵיין צוּ אֵיין עֵדוּת צְוִוישֶׁען מִיר אוּנְד צְוִוישֶׁען דִיר:

45 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶענוּמֶען אֵיין שְׁטֵיין, אוּנְד הָאט אִיהְם אויפגֶערִיכְטֶעט

צוּ אֵיין דֶענְקמָאל (מַצֵּבָה):

46 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע בְּרִידֶער, זַאמֶעלְט שְׁטֵיינֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען דִיא שְׁטֵיינֶער אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט אֵיין הוֹיפֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָארְט אוֹיף דֶעם הוֹיפֶען גֶעגֶעסֶען:

47 אוּנְד לָבָן הָאט אִיהְם גֶערוּפֶען יְגַר שָׂהֲדוּתָא, אָבֶּער יַעֲקֹב הָאט אִיהְם גֶערוּפֶען גַּלְעֵד:

48 אוּנְד לָבָן הָאט גֶעזָאגְט, דִיזֶער הוֹיפֶען אִיז אֵיין עֵדוּת צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד צְווִישֶׁען דִיר הֵיינְט, דָארוּם הָאט מֶען גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען גַּלְעֵד:

49 אוּנְד מִצְפָּה (וַאכְטְהוּרְם), דֶען עֶר הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר (גָאט) זָאל וַואכֶען צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד צְווִישֶׁען דִיר, וֶוען מִיר וֶועלֶען זִיךְ פֶערבָּארְגֶען אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען:

50 וֶוען דוּא וֶועסְט פֵּיינִיגֶען מֵיינֶע טֶעכְטֶער, אוּנְד אוֹיבּ דוּא וֶועסְט ווַייבֶּער נֶעמֶען נֶעבֶּען מֵיינֶע טֶעכְטֶער, עֶס אִיז קֵיין מֶענְשׁ דָא מִיט אוּנְס, זֶעה, גָאט אִיז אֵיין עֵדוּת צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד צְווִישֶׁען דִיר:

51 אוּנְד לָבָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ יַעֲקֹב, זֶעה, דִיזֶער הוֹיפֶען, אוּנְד זֶעה, דִיזֶע מַצֵּבָה וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעוָוארְפֶען צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד צְווִישֶׁען דִיר:

52 דִיזֶער הוֹיפֶען אִיז אֵיין עֵדוּת אוּנְד דִיזֶע מַצֵּבָה אִיז אֵיין עֵדוּת, אַז אִיךְ וֶועל נִיט אִיבֶּערְפָארֶען דִיזֶען הוֹיפֶען צוּ דִיר, אוּנְד אַז דוּא וֶועסְט נִיט אִיבֶּערְפָארֶען דִיזֶען הוֹיפֶען אוּנְד דִיזֶע מַצֵּבָה, צוּם שְׁלֶעכְטֶען:

53 דֶער גָאט פוּן אַבְרָהָם, אוּנְד דֶער גָאט פוּן נָחוֹר, זָאל רִיכְטֶען צְווִישֶׁען אוּנְס, דֶער גָאט פוּן זֵייעֶר פָאטֶער; אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעשְׁווָאוִירֶען בֵּייא דֶער פוּרְכְט פוּן זַיין פָאטֶער יִצְחָק:

54 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעשָׁאכְטֶען אֵיין שֶׁעכְטוּנְג אוֹיף דֶעם בַּארְג, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען זַיינֶע בְּרִידֶער צוּ עֶסֶען בְּרוֹיט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶע־גֶעסֶען בְּרוֹיט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענֶעכְטִיגְט אוֹיף דֶעם בַּארְג:

קאפיטעל לב

א אוּנְד לָבָן אִיז פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם מָארְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעקוּשְׁט זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע טֶעכְ־טֶער, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנְד לָבָן אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּרִיק גֶעקֶערְט צוּ זַיין אָרְט:

2 אוּנְד יַעֲקֹב אִיז גֶעגַאנְגֶען זַיין וֶועג, אוּנְד דִיא מַלְאָכִים פוּן גָאט הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגֶעגְנְט:

3 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט, אַז עֶר הָאט זֵייא גֶעזֶעהֶען, דִיזֶעס אִיז דִיא שַׁאאַר־לַאגֶער (מַחֲנֶה) פוּן גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעמְזֶעלְבֶּען אָרְט מַחֲנָיִם (צְווֵייא לַאגֶער):

וישלח

4 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעשִׁיקְט בָּאטֶען (שְׁלִיחִים) פַאר זִיךְ צוּ עֵשָׂו זַיין בְּרוּדֶער, צוּ דֶעם לַאנְד שֵׂעִיר, אִין דֶעם פֶעלְד פוּן אֱדוֹם:

5 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא בֶּעפוֹילֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר זָאגֶען צוּ מֵיין הַאר, צוּ עֵשָׂו; אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֵיין קְנֶעכְט יַעֲקֹב, מִיט לָבָן הָאבּ אִיךְ גֶעווָאוְינְט אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעזוֹימְט בִּיז אַצוּנְד:

6 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אָקְסֶען אוּנְד אֵייזֶעל, שָׁאף, קְנֶעכְט אוּנְד דִינְסְטֶען,

אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעשִׁיקְט צוּ מַיין הַאר אָנְצוּזָאגֶען, צוּ גֶעפִינֶען גְנָאד אִין דַיינֶע אוֹיגֶען:

7 אוּנְד דִיא בָּאטֶען זֶענֶען צוּרִיק־גֶעקֶערְט צוּ יַעֲקֹב, אוּנְד הָאבֶּען גֶע־זָאגְט, מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דַיין בְּרוּדֶער, צוּ עֵשָׂו, אוּנְד עֶר גֵייט אוֹיךְ עַנְטְגֶעגֶען דִיר, אוּנְד פִיר הוּנְדֶערְט מַאן זֶענֶען מִיט אִיהְם:

8 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט זֶעהְר מוֹרָא גֶעהַאט, אוּנְד עֶס הָאט אִיהְם לֵייד גֶעטְהוּן, אוּנְד עֶר הָאט צוּטֵיילְט דָאס פָאלְק וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהְם, אוּנְד דִיא שָׁאף אוּנְד רִינְדֶער אוּנְד דִיא קֶעמְלֶען, אִין צְוֵייא מַחֲנוֹת:

9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען עֵשָׂו וֶועט קוּמֶען צוּ דֶעם אֵיינֶעם לַאגֶער אוּנְד עֶר וֶועט עֶס עֶרְשְׁלָאגֶען, אַזוֹי וֶועט דָאס אִיבֶּער־גֶעבְּלִיבֶּענֶע לַאגֶער זַיין צוּ עַנְטְרִינוּנְג:

10 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט, דֶער גָאט פוּן מַיין פָאטֶער אַבְרָהָם, אוּנְד דֶער גָאט פוּן מַיין פָאטֶער יִצְחָק, דֶער הַאר (גָאט) וָואס הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט קֶער צוּרִיק צוּ דַיין לַאנְד אוּנְד צוּ דַיין גֶעבּוּרְטס־אָרְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל טְהוּן גוּטֶעס מִיט דִיר:

11 אִיךְ בִּין צוּ קְלֵיין (נִיט וֶוערְט) פִיר אַלֶע דִיא גְנָאד אוּנְד פוּן אַלֶע דִיא וָוארְהֵייט, וָואס דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן מִיט דַיין קְנֶעכְט, דֶען מִיט מַיין שְׁטֶעקֶען, בִּין אִיךְ אִיבֶּער־גֶעגַאנְגֶען דִיזֶען יַרְדֵן, אוּנְד יֶעצְט אָבֶּער בִּין אִיךְ גֶעוָוארֶען צוּ צְוֵייא מַחֲנוֹת:

12 זֵייא מִיךְ מַצִיל פוּן דֶער הַאנְד פוּן מַיין בְּרוּדֶער פוּן דִיא הַאנְד פוּן עֵשָׂו, דֶען אִיךְ הָאבּ פַאר אִיהְם מוֹרָא, פִילֵייכְט וֶועט עֶר קוּמֶען אוּנְד עֶר וֶועט מִיךְ עֶרְשְׁלָאגֶען, דִיא מוּטֶער מִיט דִיא קִינְדֶער:

13 אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט אִיךְ וֶועל זִיבֶער גוּטֶעס טְהוּן מִיט דִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען דַיינֶע זָאמֶען אַזוֹי וִויא דֶער זַאנְד פוּן דֶעם יַם, וָואס קֶען נִיט גֶעצֵיילְט וֶוערֶען וֶועגֶען פִילְהֵייט:

14 אוּנְד עֶר הָאט דָארְט דִיא זֶעלְבֶּע נַאכְט אִיבֶּער־גֶענֶעכְטִיגְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען פוּן דֶעם וָואס אִיז גֶעקוּמֶען אִין זַיינֶע הַאנְד, אֵיין גֶעשֶׁענְק צוּ עֵשָׂו זַיין בְּרוּדֶער:

15 צְוֵייא הוּנְדֶערְט צִיגֶען, אוּנְד צְוַואנְצִיג בֶּעק, צְוֵייא הוּנְדֶערְט שָׁאף, אוּנְד צְוַואנְצִיג, ווִידְדֶער:

16 דְרֵייסִיג זֵייגֶעדִיגֶע קֶעמְלֶען אוּנְד זֵיירֶע קִינְדֶער, פֶערְצִיג קִיה, אוּנְד צֶעהְן אָקְסֶען, צְוַואנְצִיג אֵייזֶעלִינֶען, אוּנְד צֶעהְן יוּנְגֶע אֵייזֶעל:

17 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען, אִין דִיא הֶענְד פוּן זַיינֶע קְנֶעכְט, יֶעדֶע סְטַאדֶע בֶּעזוּנְדֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע קְנֶעכְט, גֵייט אִיבֶּער פַאר מִיר, אוּנְד מַאכְט אֵיינֶע דֶער־ווייטֶערוּנְג צְוִוישֶׁען אֵיינֶע סְטַאדֶע אוּנְד צְוִוישֶׁען דֶער אַנְדֶערֶע סְטַאדֶע:

18 אוּנְד עֶר הָאט בֶּעפוֹילֶען דֶעם עֶרְשְׁטֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען מַיין בְּרוּדֶער עֵשָׂו וֶועט דִיךְ בֶּעגֶעגְנֶע־גֶען, אוּנְד וֶועט דִיךְ פְרֶעגֶען אוּנְד זָאגֶען, צוּ וֶועמֶען גֶעהֶערְסְטוּ? אוּנְד וְואהִין גֵייסְטוּ? אוּנְד צוּ וֶועמֶען גֶע־הֶערֶען דִיזֶע פַאר דִיר?

19 זָאלְסְטוּ אַזוֹי זָאגֶען, צוּ דַיין קְנֶעכְט, צוּ יַעֲקֹב, דָאס אִיז אֵיין גֶעשֶׁענְק וָואס אִיז גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען



צוּ

צוּ מֵיין הַאר, צוּ עֵשָׂו, אוּנְד זֶעה עֶר אִיז אויךְ הִינְטֶער אוּנְס׃

20 אוּנְד עֶר הָאט אויךְ בֶּעפוילֶען דֶעם צְוֵוייטֶען, אוּנְד אַזוי אויךְ דֶעם דְרִיטֶען, אוּנְד אַזוי אויךְ אַלֶע דִיא וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען הִינְטֶער דִיא סְטַאדֶעס, אַזוי צוּ זָאגֶען, אַזוי וִויא דִיזֶע וֶוערְטֶער זָאלְט אִיהְר רֵיידֶען צוּ עֵשָׂו אַז אִיהְר וֶועט אִיהְם אָנְטְרֶעפֶען׃

21 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זָאגֶען, זֶעה אויךְ דֵיין קְנֶעכְט יַעֲקב אִיז הִינְטֶער אוּנְס, דֶען עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אִיהְם שְׁטִיל מַאכֶען (מְכַפֵּר זֵיין) מִיט דֶעם גֶעשֶׁענְק וָואס גֵייט פַאר מִיר, אוּנְד דֶערנָאךְ וֶועל אִיךְ זֶעהֶען זֵיין אָנְגֶעזִיכְט, פִילֵייכְט וֶועט עֶר פַארְנֶעמֶען מֵיין אָנְגֶעזִיכְט (מִיר פְרֵיינְדלִיךְ זֵיין)׃

22 אוּנְד דָאס גֶעשֶׁענְק אִיז אִיבֶּער־גֶעגַאנְגֶען פַאר זֵיין אָנְגֶעזִיכְט, אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּערגֶענֶעכְטִיגְט דִיזֶעלְבֶּע נַאכְט אִין דֶעם לַאגֶער׃

23 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער זֶעלְבֶּער נַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען זֵיינֶע צְוֵוייא וַוייבֶּער אוּנְד זֵיינֶע צְוֵוייא דִינְסְטֶען, אוּנְד זֵיינֶע עֶלְף קִינְדֶער, אוּנְד עֶר אִיז אִיבֶּער־גֶעפָארֶען דֶעם אִיבֶּערפָאר פוּן יַבֹּק׃

24 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶענוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אִיבֶּערגֶעפִירְט אִיבֶּער דֶעם טֵייךְ, אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּערגֶעפִירְט וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט׃

25 אוּנְד יַעֲקֹב אִיז אַלֵיין אִיבֶּער־גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד אֵיין מַאן הָאט זִיךְ גֶערַאנְגֶעלְט מִיט אִיהְם, בִּיז דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען׃

26 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס עֶר קֶען אִיהְם נִיט בֵּייקוּמֶען, אַזוי הָאט עֶר אִיהְם אָנְגֶערִירְט אִין דֶעם בַּאלֶען פוּן זֵיין דִיכְט, אוּנְד דֶער בַּאלֶען פוּן דֶעם דִיכְט פוּן יַעֲקֹב הָאט זִיךְ פֶערוּקְט, אַז עֶר הָאט זִיךְ גֶערַאנְגֶעלְט מִיט אִיהְם׃

27 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שִׁיק מִיךְ אַוֶועק, דֶען דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט אַוֶועקשִׁיקֶען, נֵייעֶרְט וֶוען דוּא וֶועסְט מִיךְ בֶּענְשֶׁען׃

28 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דֵיין נָאמֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט יַעֲקֹב׃

29 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֵיין נָאמֶען זָאל נִיט מֶעהְר הֵייסֶען יַעֲקֹב, נֵייעֶרְט יִשְׂרָאֵל, דֶען דוּא הָאסְט גֶעהֶערְשְׁט מִיט גָאט אוּנְד מִיט מֶענְשֶׁען, אוּנְד דוּא הָאסְט בֵּייגֶעקוּמֶען׃

30 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעפְרֶעגְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגט, זָאג מִיר, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, דֵיין נָאמֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָוארוּם אִיז דָאס וָואס דוּא פְרֶעגְסְט נָאךְ מֵיין נָאמֶען? אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם דָארְטֶען גֶעבֶּענְשְׁט׃

31 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם אָרְט פְּנִיאֵל, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען גָאט פוּן אָנגֶעזִיכְט צוּ אָנגֶעזִיכְט, אוּנְד מֵיינֶע זֶעלֶע אִיז גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען׃

32 אוּנְד דִיא זוּן אִיז צוּ אִיהְם אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אַלְס עֶר אִיז אִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען פְּנִיאֵל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהוּנְקֶען אוֹיף זֵיין דִיכְט׃

33 דָארוּם עֶסֶען נִיט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל דִיא שְׁפַּאן־אָדֶער וָואס אִיז אוֹיף דֶעם בַּאלֶען פוּן דֶעם דִיכְט בִּיז צוּ דִיזֶען טָאג, דֶען עֶר הָאט אָנְגֶערִירְט אָן דֶעם בַּאלֶען פוּן דֶעם דִיכְט פוּן

יעקב

יַעֲקֹב אָן דִיא שְׁפַּאן אָדֶער:

קאפּיטעל לג

א אוּנְד יַעֲקֹב הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶן, אוּנְד נוּן, עֵשָׂו קוּמְט, אוּנְד מִיט אִיהְם פִיער הוּנְדֶערְט מַאן, אוּנְד עֶר הָאט צֶערטֵיילְט דִיא קִינְדֶער צוּ לֵאָה אוּנְד צוּ רָחֵל אוּנְד צוּ דִיא צְווייא דִינְסְטְען:

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט דִיא דִינְסְטְען אוּנְד זֵיירֶע קִינְדֶער צוּם עֶרְשְׁטֶען, אוּנְד לֵאָה אוּנְד אִיהְרֶע קִינְדֶער הִינְטֶער זַייא, אוּנְד רָחֵל אוּנְד יוֹסֵף צוּם לֶעצְטֶען:

3 אוּנְד עֶר אִיז פַאר זַייא אִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶער עֶרְד זִיבֶּען מָאהְל, בִּיז אַז עֶר הָאט גֶענֶענְט צוּ זַיין בְּרוּדֶער:

4 אוּנְד עֵשָׂו אִיז גֶעלָאפֶען עֶנְטְגֶעגֶען אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אוּמְגֶעאָרֶעמְט אוּנְד עֶר אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף זַיין הַאלְז, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעקוּשְׁט, אוּנְד זַייא הָאבֶען גֶעווֵיינְט:

5 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא ווַייבֶּער אוּנְד דִיא קִינְדֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט ווֶער זֶענֶען דִיזֶע בֵּייא דִיר? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיא קִינְדֶער מִיט ווָאס גָאט הָאט בֶּעגְנַאדִיגְט דַיין קְנֶעכְט:

6 אוּנְד דִיא דִינְסְטְען הָאבֶען זִיךְ גֶענֶענְט, זַייא אוּנְד זֵיירֶע קִינְדֶער, אוּנְד הָאבֶען זִיךְ גֶעבִּיקְט:

7 אוּנְד אוֹיךְ לֵאָה הָאט זִיךְ גֶענֶענְט, אוּנְד אִיהְרֶע קִינְדֶער, אוּנְד הָאבֶען זִיךְ גֶעבִּיקְט, אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאט זִיךְ יוֹסֵף גֶענֶענְט, אוּנְד רָחֵל, אוּנְד זַייא הָאבֶען זִיךְ גֶעבִּיקְט:

8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט ווָאס! גֶעהֶערְט צוּ דִיר דָאס גַאנְצֶע לַאגֶער ווָאס אִיךְ הָאבּ בֶּעגֶעגֶענְט? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז אוּם צוּ גֶעפִינֶען גְנָאד אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן מֵיין הַאר:

9 אוּנְד עֵשָׂו הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ פִּיל, מֵיין בְּרוּדֶער, עֶס זָאל זַיין צוּ דִיר ווָאס דַיין אִיז:

10 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט, אַךְ נֵיין! אִיךְ בֶּעט דִיךְ, ווֶען נוּן אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען גְנָאד אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, אַזוֹי זָאלְסְטוּ נֶעמֶען דָאס גֶעשֶׁענְק פוּן מֵיין הַאנְד, דֶען דָארוּם הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען דַיין אָנגֶעזִיכְט, אַזוֹי ווִיא דָאס אָנְזֶעהֶען פוּן דֶעם אָנְגֶעזִיכְט פוּן גָאט, אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ ווָאוילְגֶעפַאלֶען:

11 נֶעם אִיךְ בֶּעט דִיךְ, מֵיין בֶּענְשׁוּנְג ווָאס אִיז גֶעבְּרַאכְט גֶעווָארֶען צוּ דִיר, דֶען גָאט הָאט מִיךְ בֶּעגְנַאדִיגְט, אוּנְד ווֵייל אִיךְ הָאבּ אַלֶעס, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם שְׁטַארְק גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶענוּמֶען:

12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מִיר ווֶעלֶען צִיהֶען אוּנְד מִיר ווֶעלֶען גֵיין, אוּנְד אִיךְ ווֶעל גֵיין גֶעגֶען דִיר:

13 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מֵיין הַאר ווֵייס, דָאס דִיא קִינְדֶער זֶענֶען צֶערְטְלִיךְ, אוּנְד דִיא שָׁאף אוּנְד דִיא רִינְדֶער זֶענֶען בֵּייא מִיר זֵייגֶעדִיגֶע, אוּנְד ווֶען מֶען ווֶעט זַייא אֵיין טָאג אִיבֶּערְטְרֵייבֶּען אַזוֹי ווֶעלֶען אַלֶע שָׁאף שְׁטַארְבֶּען:

14 לָאז נוּן מֵיין הַאר אִיבֶּער גֵיין פַאר דֶעם אָנְגֶעזִיכְט פוּן זַיין קְנֶעכְט, אוּנְד אִיךְ ווֶעל מִיךְ פַּאמֶעלַאךְ פִירֶען, נָאךְ דֶעם גַאנְג פוּן דִיא אַרְבֵּייט (פְּיֵה) ווָאס אִיז פַאר מִיר, אוּנְד נָאךְ דֶעם גַאנְג

פון דיא קינדער, ביז איך וועל קומען
צו מיין הער נאך שעיר:
15 אונד עשו האט געזאגט, איך וועל
אפשטעלען מיט דיר פון דעם פאלק
וואס איז מיט מיר, אונד ער האט
געזאגט, צו וואס איז דאס, איך האב
געפונען גנאד אין דיא אויגען פון
מיין הער:
16 אונד עשו האט זיך ווידערגעקערט
אין דעמזעלבען טאג צו זיין וועג נאך
שעיר:
17 אונד יעקב האט געצויגען נאך
סכות, אונד ער האט זיך געבויעט
איין הויז, אונד צו זיין פיה האט
ער געמאכט ביידלאך (סכות), דארום
האט מען גערופען דעם נאמען פון
דעם ארט סכות:
18 אונד יעקב איז געקומען נאך שלם,
א שטאט אין שכם, וואס איז אין
דעם לאנד כנען, אלס ער איז געקומען
פון פדן ארם, אונד ער האט גערוהט
פאר דער שטאט:
19 אונד ער האט געקויפט דאס טייל
פון דעם פעלד, וואס ער האט דארט־
טען אויפגעשטעלט זיין געצעלט, פון
דיא הענד פון דיא קינדער חמור דער
פאטער פון שכם, פאר הונדערט
קשיטות:
20 אונד ער האט דארטען אויפ־
געשטעלט איין מזבח, אונד ער האט
איהם גערופען, (אל אלהי ישראל)
גאט, דער גאט פון ישראל:

קאפיטעל לד

א אונד דינה דיא טאכטער פון לאה,
וואס זיא האט געבוירען צו יעקב, איז
ארויס געגאנגען צו זעהען דיא טעכטער
פון דעם לאנד:
2 אונד עס האט זיא געזעהען, שכם
דער זוהן פון חמור, דער חוי, דער
פירשט פון דעם לאנד, אונד ער האט
זיא גענומען אונד ער איז געלעגען
מיט איהר, אונד ער האט איהר
געדעמיטיגט (פעראונרייניגט):
3 אונד זיינע זעלע האט זיך בעהעפט
אן דינה דיא טאכטער פון יעקב, אונד
ער האט דאס מיידעל ליב געהאט,
אונד ער האט גערעדט צום הארצען
פון דעם מיידעל:
4 אונד שכם האט געזאגט צו חמור
זיין פאטער, אזוי צו זאגען, נעם צו
מיר דיזעס מיידעל פאר א ווייב:
5 אונד יעקב האט געהערט דאס ער
האט פעראומרייניגט זיין טאכטער דינה,
אונד זיינע זיהן זענען געוועזען מיט
דעם פיה אויף דעם פעלד, אונד
יעקב האט שטיל געשוויגען ביז זייא
זענען געקומען:
6 אונד חמור דער פאטער פון שכם
איז ארויס געגאנגען צו יעקב צו
ריידען מיט איהם:
7 אונד דיא קינדער פון יעקב זענען
געקומען פון דעם פעלד, ווען זייא
האבען עס געהערט, אזוי זענען דיא
מענער בעטריבט געווארען, אונד עס
האט זייא זייער פערדראסען, דען
איין שענדליכקייט איז געטהון געווארען
אין ישראל, צו ליגען מיט דיא
טאכטער פון יעקב, אונד אזאלכעס
זאל ניט געטהון ווערען:
8 אונד חמור האט מיט זייא גערעדט,
אזוי צו זאגען, מיין זוהן שכם האט
זיינע זעלע געגלוסט צו אייער טאכטער,
געבט איהר, איך בעט אייך, צו איהם
פאר איין ווייב:

9 אוּנְד פֶערְהֵיירַאטֶעט אֵייךְ מִיט אוּנְס, אֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער זָאלְט אִיהְר גֶעבֶּען צוּ אוּנְס, אוּנְד אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער זָאלְט אִיהְר גֶעמֶען צוּ אֵייךְ׃

10 אוּנְד מִיט אוּנְס זָאלְט אִיהְר ווֹאוינֶען, אוּנְד דָאס לַאנְד זָאל זַיין פַאר אֵייךְ, ווֹאוינְט אוּנְד הַאנְדֶעלְט דָארִין, אוּנְד גֶעמְט בֶּעזִיצְץ דֶערְפוּן׃

11 אוּנְד שְׁכֶם הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְר פָאטֶער אוּנְד צוּ אִיהֶרֶע בְּרִידֶער, לָאסְט מִיךְ גֶפִינֶען גְנָאד אִין אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוּנְד דָאס וָואס אִיהְר וֶועט צוּ מִיר זָאגֶען וֶועל אִיךְ גֶעבֶען׃

12 מֶעהְרְט אוֹיף מִיר דֶען בְּרוֹיט־פְּרֵייז (נַדָן) אוּנְד גֶעשֶׁענְק, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס גֶעבֶּען, אַזוֹי וִויא אִיהְר וֶועט צוּ מִיר זָאגֶען, אוּנְד גֶעבְּט צוּ מִיר דָאס מֵיידְעל פַאר אַ וֵוייב׃

13 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן יַעֲקֹב הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶעם שְׁכֶם אוּנְד דֶעם חֲמוֹר זַיין פָאטֶער, מִיט בֶּעטְרוּג, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערֶעט, וֶועגֶען דֶעם וָואס עֶר הָאט פֶערְאוּנְרֵיינִיגְט זַיירֶע שְׁוֶועסְטֶער דִינָה׃

14 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ זַייא גֶעזָאגְט, מִיר קֶענֶען נִיט טְהוּן דִיזֶע זַאךְ, צוּ גֶעבֶּען אוּנְזֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער צוּ אֵיין מַאן וָואס אִיז אוּנְבֶּעשְׁנִיטֶען (אַן עָרֵל) דֶען דָאס אִיז אֵיין שַׁאנְד צוּ אוּנְס׃

15 נֵייעֶרְט מִיט דִיזֶעם וֶועלֶען מִיר מִיט אֵייךְ בֶּעוִוילִיגְט וֶוערֶען, אוֹיבּ אִיהְר וֶועט זַיין אַזוֹי וִויא מִיר זֶענֶען, אַז אַלֶע מֶענֶער אוּנְטֶער אֵייךְ זָאלֶען זִיךְ בֶּעשְׁנַיידֶען׃

16 אוּנְד מִיר וֶועלֶען גֶעבֶּען אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער צוּ אֵייךְ, אוּנְד אֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער וֶועלֶען מִיר גֶעמֶען צוּ אוּנְס, אוּנְד מִיר וֶועלֶען ווֹאוינֶען מִיט אֵייךְ, אוּנְד מִיר וֶועלֶען זַיין צוּ אֵיין פָאלְק׃

17 אוּנְד אוֹיבּ אִיהְר וֶועט אוּנְס נִיט צוּהֶערֶען, אֵייךְ צוּ בֶּעשְׁנַיידֶען, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר גֶעמֶען אוּנְזֶערֶע טָאכְטֶער אוּנְד מִיר וֶועלֶען אַוֶועק גֵיין׃

18 אוּנְד זֵייעֶרֶע וֶוערְטֶער זֶענֶען גוּט גֶעפַאלֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן חֲמוֹר אוּנְד פוּן שְׁכֶם, דֶער זוּהְן פוּן חֲמוֹר׃

19 אוּנְד דֶער יוּנְג הָאט נִיט גֶעזוֹימְט דִיא זַאךְ צוּ טְהוּן, דֶען עֶר הָאט בֶּעגֶעהְרְט אָן דֶער טָאכְטֶער פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען מֶעהר גֶעעֶהְרְט פוּן דֶעם גַאנְצֶען הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן זַיין פָאטֶער׃

20 אוּנְד חֲמוֹר אוּנְד שְׁכֶם זַיין זוּהְן זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם טוֹיעֶר פוּן זֵייעֶרֶע שְׁטָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערֶעט צוּ דִיא מֶענֶער פוּן זֵייעֶרֶע שְׁטָאט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

21 דִיזֶע מֶענֶער זֶענֶען פְרִידְלִיךְ מִיט אוּנְס, אַזוֹי זָאלֶען זַייא ווֹאוינֶען אִין דֶעם לַאנְד, אוּנְד זַייא זָאלֶען הַאנְדְלֶען דְרִינֶען, אוּנְד נוּן דָאס לַאנְד אִיז בְּרֵייט פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען פַאר זַייא, זֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער וֶועלֶען מִיר צוּ אוּנְס נֶעמֶען פַאר וֵוייבֶּער, אוּנְד אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער וֶועלֶען מִיר צוּ זַייא גֶעבֶּען׃

22 נֵייעֶרְט אִין דִיזֶעם וֶועלֶען דִיא מֶענֶער בֶּעוִוילִיגְט וֶוערֶען בֵּייא אוּנְס צוּ ווֹאוינֶען, צוּ זַיין צוּ אֵיין פָאלְק, וֶוען יֶעדֶער מַאן פוּן אוּנְס זָאל בֶּעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען, אַזוֹי וִויא זַייא זֶענֶען בֶּעשְׁנִיטֶען׃

23 זֵייעֶר פִיה אוּנְד זֵייעֶרֶע קוֹיפוּנְג אוּנְד אַלֶע זֵייעֶרֶע בְּהֵמוֹת, זֶענֶען זַייא נִיט צוּ אוּנְס, נֵייעֶרְט לָאסְט אוּנְס

בֶּעווילִיגְט וֶוערֶען צוּ זֵייא, אוּנְד זֵייא זָאלֶען וְואוינֶען מִיט אוּנְס :

24 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּגֶעהֶערְט צוּ חֲמוֹר אוּנְד צוּ שְׁכֶם זֵיין זוּהְן, אַלֶע וָואס גֵייעֶן אַרוֹיס פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן זֵייעֶרֶע שְׁטָאט, אוּנְד אַלֶע מֶענֶער זֶענֶען בֶּעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען, אַלֶע וָואס גֵייעֶן אַרוֹס צוּ דֶעם טוֹיעֶר פוּן זֵיירֶע שְׁטָאט :

25 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג, אַלְס זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאט שְׁמֶערְצֶען, אַזוֹי הָאבֶּען גֶענוּמֶען דִיא צְווייא זִיהְן פוּן יַעֲקֹב, שִׁמְעוֹן אוּנְד לֵוִי, דִיא בְּרִידֶער פוּן דִינָה, יֶעדֶערֶער זֵיין שְׁוֶוערְד, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען מִיט זִיכֶערְהֵייט אִיבֶּער דִיא שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶרְשְׁלָאגֶען יֶעדֶען מַאן (זָכָר) :

26 אוּנְד דֶעם חֲמוֹר, אוּנְד דֶעם שְׁכֶם זֵיין זוּהְן, הָאבֶּען זֵייא דֶערְשְׁלָאגֶען מִיט דֶער שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען דִיא דִינָה פוּן דֶעם הוֹיז פוּן שְׁכֶם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען :

27 דִיא קִינְדֶער פוּן יַעֲקֹב זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף דִיא עֶרְשְׁלָאגֶענֶע, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דִיא שְׁטָאט בֶּערוֹיבְּט, ווַייל זֵייא הָאבֶּען פֶערְאוּנְרֵיינִיגְט זֵיירֶע שְׁוֶועסְטֶער :

28 זֵיירֶע שָׁאף אוּנְד זֵיירֶע רִינְדֶער אוּנְד זֵיירֶע אֵייזֶעל, אוּנְד דָאס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער שְׁטָאט, אוּנְד דָאס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם פֶעלְד, הָאבֶּען זֵייא צוּ גֶענוּמֶען :

29 אוּנְד זֵייעֶר גַאנְצֶעס פֶערְמֶעגֶען אוּנְד אַלֶע זֵיירֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער אוּנְד זֵיירֶע ווַייבֶּער הָאבֶּען זֵייא גֶעפַאנְגֶען גֶענוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוֹיבְּט אַלֶעס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא הֵייזֶער :

30 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט צוּ שִׁמְעוֹן אוּנְד צוּ לֵוִי, אִיהְר הָאט מִיךְ בֶּעטְרִיבְּט, מִיךְ שְׁטִינְקֶען צוּ מַאכֶען בֵּייא דִיא אֵיינְווְאוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד, בֵּייא דֶעם כְּנַעֲנִי אוּנְד בֵּייא דֶעם פְּרִזִּי, אוּנְד אִיךְ בִּין ווֵייניג אִין דֶער צָאהְל, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ אוֹיף מִיר פֶערְזַאמְלֶען, אוּנְד וֶועלֶען מִיךְ עֶרְשְׁלָאגֶען, אוּנְד אַזוֹי וֶועל אִיךְ אוּנְד מֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד פֶערְטִילִגְט וֶוערֶען :

31 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זָאל עֶר דֶען מַאכֶען אוּנְזֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער ווִיא אֵיינֶע הוּר (זוֹנָה) ?

קאפיטעל לה

א אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ יַעֲקֹב, שְׁטֵייא אוֹיף, גֵייא אוֹיף נָאךְ בֵּית־אֵל, אוּנְד וְואוֹין דָארְטֶען, אוּנְד מַאךְ דָארְטֶען אֵיין מִזְבֵּחַ צוּ דֶעם גָאט וָואס הָאט זִיךְ צוּ דִיר בֶּעווִיזֶען, וֶוען דוּא בִּיסְט עֶנְטְלָאפֶען פוּן פַאר דֵיין בְּרוּדֶער עֵשָׂו :

2 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד אוּנְד צוּ אַלֶעס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהְם, טְהוּט אַוֶועק דִיא גֶעטֶער פוּן דֶעם פְרֶעמְדֶען, וָואס אִיז צְווִישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד רֵיינִיגְט אֵייךְ אוּנְד פֶערְבֵּיט אֵיירֶע קְלֵיידֶער :

3 אוּנְד מִיר וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד מִיר וֶועלֶען אוֹיפְגֵיין נָאךְ בֵּית־אֵל, אוּנְד אִיךְ וֶועל דָארְט מַאכֶען אֵיין מִזְבֵּחַ צוּ דֶעם גָאט וָואס הָאט מִיר גֶעעֶנְטְפֶערְט אִין דֶעם טָאג פוּן מֵיין לֵיידֶען, אוּנְד וָואס אִיז מִיט מִיר גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם וֶועג וָואס אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען :

4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען צוּ יַעֲקֹב אַלֶע גֶעטֶער פוּן דֶעם פְרֶעמְדֶען, וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין זֵיירֶע הֶענְד, אוּנְד דִיא רִינְגֶען וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין זֵיירֶע אוֹירֶען, אוּנְד יַעֲקֹב הָאט זֵייא פֶערבָּארְגֶען אוּנְטֶער דֶעם טֶערֶעבִּינְט בּוֹים וָואס אִיז בֵּייא שְׁכֶם׃

5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַוֶועק גֶעצוֹיגֶען, אוּנְד דֶער שְׁרֶעק פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דִיא שְׁטֶעט וָואס אִיז אַרוּם זֵייא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט נָאכְגֶעיָאגְט נָאךְ דִיא קִינְדֶער פוּן יַעֲקֹב׃

6 אוּנְד יַעֲקֹב אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ לוּז וָואס אִיז אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, דָאס אִיז בֵּית־אֵל, עֶר אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהְם׃

7 אוּנְד עֶר הָאט דָארְט גֶעבּוֹיעֶט אֵיין מִזְבֵּחַ, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען צוּ דֶעם אָרְט, (אֵל בֵּית־אֵל) גָאט פוּן דֶעם הוֹיז פוּן גָאט, דֶען דָארְט הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גָאט אֶנְטפְּלֶעקְט, וֶוען עֶר אִיז אַנְטלָאפֶען פַאר זַיין בְּרוּדֶער׃

8 אוּנְד דְבֹרָה דִיא זֵייג־אַם פוּן רִבְקָה אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד זִיא אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען פוּן אוּנְטֶען צוּ בֵּית־אֵל, אוּנְטֶער דֶעם טֶערֶעבִּינְט בּוֹים, אוּנְד מֶען הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען אַלוֹן בָּכוּת׃

9 אוּנְד גָאט הָאט זִיךְ נָאךְ אַמָאל בֶּעוִויזֶען צוּ יַעֲקֹב, אַלְס עֶר אִיז גֶעקוּמֶען פוּן פַּדַן אֲרָם, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט׃

10 אוּנְד גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דֵיין נָאמֶען אִיז יַעֲקֹב, דֵיין נָאמֶען זָאל נִיט מֶעהְר גֶערוּפֶען וֶוערֶען יַעֲקֹב, נֵייעֶרְט יִשְׂרָאֵל זָאל זַיין דֵיין נָאמֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען יִשְׂרָאֵל׃

11 אוּנְד גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט, זֵייא פְּרוּכְטְבַּאר אוּנְד מֶעהְרֶע דִיךְ, אֵיין פָאלְק אוּנְד אֵיין זַאמְלוּנְג פוּן פֶעלְקֶער זָאל זַיין פוּן דִיר, אוּנְד קֶענִיגֶע זָאלֶען פוּן דֵיינֶע לֶענְדֶען אַרוֹיס גֵיין׃

12 אוּנְד דָאס לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען צוּ אַבְרָהָם אוּנְד צוּ יִצְחָק, צוּ דִיר וֶועל אִיךְ עֶס גֶעבֶּען, אוּנְד צוּ דֵיינֶע זָאמֶען נָאךְ דִיר וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען דָאס לַאנְד׃

13 אוּנְד גָאט אִיז פוּן אִיהְם אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם אָרְט וָואס עֶר הָאט מִיט אִיהְם גֶערֶעט׃

14 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אֵיין דֶענְקְמָאל (מַצֵּבָה) אִין דֶעם אָרְט וְואוּ עֶר הָאט מִיט אִיהְם גֶערֶעט, אֵיין דֶענְקְמָאל פוּן שְׁטֵיין, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגָאסֶען אוֹיף אִיהְר אֵיינֶע גִיסוּנְג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגָאסֶען אוֹיף אִיהְר בּוֹים־אֵייל׃

15 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם אָרְט וְואוּ גָאט הָאט מִיט אִיהְם דָארְטֶען גֶערֶעט בֵּית־אֵל׃

16 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַוֶועק גֶעצוֹיגֶען פוּן בֵּית־אֵל, אוּנְד עֶס אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא אֵיין אַקֶער לַאנְד צוּ קוּמֶען קֶען אֶפְרָת, אַזוֹי הָאט רָחֵל גֶעבּוֹירֶען, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁוֶוער אִין אִיהְר גֶעבֶּערֶען׃

17 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס עֶס אִיז אִיהְר גֶעוֶועזֶען שְׁוֶוער צוּ גֶעבֶּערֶען אַזוֹי הָאט דִיא הֵייבַּאם גֶעזָאגְט צוּ אִיהְר, הָאבּ קֵיין פוּרְכְט, דֶען דִיזֶער אִיז אוֹיךְ צוּ דִיר אֵיין זוּהְן׃

18 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען בֵּיים אַרוֹיס

גֵיין פוּן אִיהרֶע זֶעלֶע, דֶען זִיא אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי הָאט זִיא גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען בֶּן־אוֹנִי, אָבֶער זַיין פָאטֶער הָאט אִיהם גֶערוּפֶען בִּנְיָמִין:

19 אוּנְד רָחֵל אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד זִיא אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶעם וֶועג קֶען אֶפְרָת, דָאס אִיז בֵּית־לָחֶם:

20 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אַיין דֶענְקְמָאל (מַצֵּבָה) אִיבֶּער אִיהר בֶּעגְרֶעבֶּענִיס, דָאס אִיז דָאס דֶענְקְמָאל פוּן דֶעם בֶּעגְרֶעבֶּענִיס פוּן רָחֵל בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג:

21 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט אַוֶועק גֶעצוֹיגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֵיינְט זַיין גֶעצֶעלְט נִיט וַוייט פוּן דֶעם טְהוּרֶעם עֵדֶר:

22 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין דֶעמְזֶעלְבֶּען לַאנְד, אַזוֹי אִיז רְאוּבֵן גֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען בֵּייא בִּלְהָה, דָאס קֶעבְּס־וַוייבּ פוּן זַיין פָאטֶער, אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט עֶס גֶעהֶערְט.— אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יַעֲקֹב זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְוֶועלְף:

23 דִיא זִיהְן פוּן לֵאָה זֶענֶען, דֶער עֶלְצְטֶער פוּן יַעֲקֹב אִיז רְאוּבֵן, אוּנְד שִׁמְעוֹן, אוּנְד לֵוִי, אוּנְד יְהוּדָה, אוּנְד יִשָּׂשכָר, אוּנְד זְבוּלוּן:

24 דִיא זִיהְן פוּן רָחֵל זֶענֶען, יוֹסֵף אוּנְד בִּנְיָמִין:

25 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן בִּלְהָה דִיא דִינְסְט פוּן רָחֵל, זֶענֶען דָן אוּנְד נַפְתָּלִי:

26 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן זִלְפָּה דִיא דִינְסְט פוּן לֵאָה, זֶענֶען גָד אוּנְד אָשֵׁר, דִיזֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן יַעֲקֹב, וָואס זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אִין פַּדַּן אֲרָם:

27 אוּנְד יַעֲקֹב אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זַיין פָאטֶער יִצְחָק, קֶען מַמְרֵא אִין קִרְיַת אַרְבַּע, דָאס אִיז חֶבְרוֹן, וְואוּ אַבְרָהָם אוּנְד יִצְחָק הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט:

28 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא טֶעג פוּן יִצְחָק הוּנְדֶערְט אוּנְד אַכְצִיג יָאהְר:

29 אוּנְד יִצְחָק אִיז פֶערְגַאנְגֶען אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד עֶר אִיז אַיינְגֶעזַאמֶעלְט גֶעוָוארֶען צוּ זַיין פָאלְק, אַלְט אוּנְד זַאט פוּן טֶעג, אוּנְד זַיינֶע זִיהְן עֵשָׂו אוּנְד יַעֲקֹב הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען:

## קאפיטעל לו

א אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן עֵשָׂו, עֶר אִיז אֱדוֹם:

2 עֵשָׂו הָאט גֶענוּמֶען זַיינֶע וַוייבֶּער פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן כְּנַעַן, דִיא עָדָה, דִיא טָאכְטֶער פוּן אֵילוֹן דֶעם חִתִּי, אוּנְד דִיא אָהֳלִיבָמָה, דִיא טָאכְטֶער פוּן עֲנָה, דִיא טָאכְטֶער פוּן צִבְעוֹן דֶעם חִוִּי:

3 אוּנְד דִיא בָּשְׂמַת, דִיא טָאכְטֶער פוּן יִשְׁמָעֵאל דִיא שְׁוֶועסְטֶער פוּן נְבָיוֹת:

4 אוּנְד עָדָה הָאט גֶעבּוֹירֶען צוּ עֵשָׂו דֶען אֱלִיפַז, אוּנְד בָּשְׂמַת הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶען רְעוּאֵל:

5 אוּנְד אָהֳלִיבָמָה הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶען יְעוּשׁ אוּנְד דֶען יַעְלָם אוּנְד דֶען קֹרַח; דִיזֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן עֵשָׂו, וָואס זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן:

6 אוּנְד עֵשָׂו הָאט גֶענוּמֶען זַיינֶע וַוייבֶּער אוּנְד זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע טֶעכְטֶער, אוּנְד אַלֶע זֶעלֶען פוּן זַיין הוֹיז, אוּנְד זַיין פִיה אוּנְד אַלֶע זַיינֶע בְּהֵמוֹת אוּנְד זַיין גַאנְצֶעס פֶערְמֶעגֶען, וָואס עֶר הָאט עֶרְוָוארְבֶּען אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ אַיין לַאנְד פוּן פָאר זַיין בְּרוּדֶער יַעֲקֹב:

7 דען זייער פערמעגען איז געוועזען
פיל דאס זייא זאלען וואוינען ביי
זאמען, אונד דאס לאנד וואו זייא
האבען זיך אויפגעהאלטען האט זייא
ניט געקענט ערטראגען פון וועגען
זייער פיה:
8 אונד עשו האט געוואוינט אויף
דעם בארג שעיר, עשו, ער איז אדום:
9 אונד דיזע זענען דיא געשלעכטער
פון עשו דער פאטער פון אדום, אויף
דעם בארג שעיר:
10 דיזע זענען דיא נעמען פון דיא
זיהן פון עשו, אליפז דער זוהן פון
עדה דאס ווייב פון עשו, רעואל דער
זוהן פון בשמת דאס ווייב פון עשו:
11 אונד עס זענען געוועזען דיא
זיהן פון אליפז, תימן, אומר, צפו אונד
געתם, אונד קנז:
12 אונד תמנע איז געוועזען איין
קעבס־ווייב פון אליפז דער זוהן פון
עשו, אונד זיא האט געבוירען צו
אליפז דען עמלק, דיזע זענען דיא
זיהן פון עדה, דאס ווייב פון עשו:
13 אונד דיזע זענען דיא זיהן פון
רעואל; נחת אונד זרח, שמה אונד
מזה; דיזע זענען געוועזען דיא זיהן
פון בשמת דאס ווייב פון עשו:
14 אונד דיזע זענען געוועזען דיא
זיהן פון אהליבמה דאס ווייב פון עשו,
דיא טאכטער פון ענה דיא טאכטער
פון צבעון; אונד זיא האט געבוירען
צו עשו דען יעוש אונד דען יעלם
אונד דען קרח:
15 דיזע זענען דיא פירשטען פון
דיא זיהן פון עשו, דיא זיהן פון
אליפז דער ערשט־געבוירענער פון
עשו, פירשט תימן, פירשט אומר,
פירשט צפו, פירשט קנז:
16 פירשט קרח, פירשט געתם, פירשט
עמלק; דיזע זענען דיא פירשטען פון
אליפז אין דעם לאנד אדום, דיזע
זענען דיא זיהן פון עדה:
17 אונד דיזע זענען דיא זיהן פון רעואל
דער זוהן פון עשו; פירשט נחת,
פירשט זרח, פירשט שמה, פירשט
מזה; דיזע זענען דיא פירשטען פון
רעואל אין דעם לאנד אדום, דיזע
זענען דיא זיהן פון בשמת דאס ווייב
פון עשו:
18 אונד דיזע זענען דיא זיהן פון
אהליבמה דאס ווייב פון עשו, פירשט
יעוש, פירשט יעלם, פירשט קרח, דיזע
זענען דיא פירשטען פון אהליבמה
דיא טאכטער פון ענה, דאס ווייב
פון עשו:
19 דיזע זענען דיא זיהן פון עשו,
אונד דיזע זענען זיירע פירשטען, ער
איז אדום:
20 דיזע זענען דיא זיהן פון שעיר
דעם חרי, דיא איינוואוינער פון דעם
לאנד, לוטן, אונד שובל, אונד צבעון,
אונד ענה:
21 אונד דישון אונד אצר אונד דישן,
דיזע זענען דיא פירשטען פון דעם
חרי, דיא זיהן פון שעיר, אין דעם
לאנד אדום:
22 אונד דיא זיהן פון לוטן, זענען
געוועזען חרי אונד הימם, אונד דיא
שוועסטער פון לוטן איז תמנע:
23 אונד דיזע זענען דיא זיהן פון
שובל, עלון אונד מנחת, אונד עיבל,
שפו אונד אונם:
24 אונד דיזע זענען דיא זיהן פון צבעון,
איה אונד ענה, דאס איז דער ענה
וואס

ווָאס הָאט גֶעפוּנֶען דִיא מוּיל־אֵייזֶעל
אִין דֶער (מִדְבָּר) וִויסְטֶע, וֶוען עֶר
הָאט גֶעפִּיטֶערְט דִיא אֵייזֶעלְן פוּן
צִבְעוֹן זַיין פָאטֶער׃
25 אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן
עֲנָה, דִשֹׁן אוּנְד אָהֳלִיבָמָה דִיא טָאכְטֶער
פוּן עֲנָה׃
26 אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן דִישָׁן,
חֶמְדָן אוּנְד אֶשְׁבָּן אוּנְד יִתְרָן אוּנְד כְּרָן׃
27 דִיזֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן אֵצֶר,
בִּלְהָן אוּנְד זַעֲוָן אוּנְד עֲקָן׃
28 דִיזֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן דִישָׁן,
עוּץ אוּנְד אֲרָן׃
29 דִיזֶע זֶענֶען דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן
דֶעם חֹרִי, פִירְשְׁט לוֹטָן, פִירְשְׁט שׁוֹבָל,
פִירְשְׁט צִבְעוֹן, פִירְשְׁט עֲנָה׃
30 פִירְשְׁט דִשֹׁן, פִירְשְׁט אֵצֶר, פִירְשְׁט
דִישָׁן; דִיזֶע זֶענֶען דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן
דֶעם חֹרִי, צוּ זֵיירֶע פִירְשְׁטֶען אִין דֶעם
לַאנְד שֵׂעִיר׃
31 אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען דִיא קֶענִיגֶע
ווָאס הָאבֶּען גֶעקֶענִיגְט אִין דֶעם לַאנְד
אֱדוֹם, אֵיידֶער אֵיין קֶענִיג הָאט גֶעקֶע־
נִיגְט אִיבֶּער דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃
32 אוּנְד עֶס הָאט גֶעקֶענִיגְט אִין
אֱדוֹם בֶּלַע דֶער זוּהְן פוּן בְּעוֹר, אוּנְד
דֶער נָאמֶען פוּן זַיינֶע שְׁטָאט אִיז גֶע־
וֶועזֶען דִנְהָבָה׃
33 אוּנְד בֶּלַע אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד עֶס
הָאט גֶעקֶענִיגְט אוֹיף זַיינֶע שְׁטֶעלֶע יוֹבָב
דֶער זוּהְן פוּן זֶרַח, פוּן בָּצְרָה׃
34 אוּנְד יוֹבָב אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד
עֶס הָאט גֶעקֶענִיגְט אוֹיף זַיינֶע שְׁטֶעלֶע
חֻשָׁם פוּן דֶעם לַאנְד תֵּימָן׃
35 אוּנְד חֻשָׁם אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד
עֶס הָאט גֶעקֶענִיגְט אוֹיף זַיינֶע שְׁטֶעלֶע
הֲדַד דֶער זוּהְן פוּן בְּדַד, ווָאס הָאט
גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם מִדְיָן אִין דֶעם פֶעלְד
פוּן מוֹאָב, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זַיינֶע
שְׁטָאט אִיז גֶעוֶועזֶען עֲוִית׃
36 אוּנְד הֲדַד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד
עֶס הָאט גֶעקֶענִיגְט אוֹיף זַיינֶע שְׁטֶעלֶע
שַׂמְלָה פוּן מַשְׂרֵקָה׃
37 אוּנְד שַׂמְלָה אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד
עֶס הָאט גֶעקֶענִיגְט אוֹיף זַיינֶע שְׁטֶעלֶע
שָׁאוּל פוּן רְחֹבוֹת הַנָּהָר׃
38 אוּנְד שָׁאוּל אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד
עֶס הָאט גֶעקֶענִיגְט אוֹיף זַיינֶע שְׁטֶעלֶע
בַּעַל חָנָן דֶער זוּהְן פוּן עַכְבּוֹר׃
39 אוּנְד בַּעַל חָנָן דֶער זוּהְן פוּן
עַכְבּוֹר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד עֶס
הָאט גֶעקֶענִיגְט אוֹיף זַיינֶע שְׁטֶעלֶע הֲדַר,
אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זַיינֶע שְׁטָאט אִיז
גֶעוֶועזֶען פָּעוּ, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן
זַיין ווייבּ אִיז גֶעוֶועזֶען מְהֵיטַבְאֵל, דִיא
טָאכְטֶער פוּן מַטְרֵד, דִיא טָאכְטֶער פוּן
מֵי זָהָב׃
40 אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען דִיא נֶעמֶען פוּן
דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן עֵשָׂו נָאךְ זֵיירֶע
מִשְׁפָּחוֹת, צוּ זֵיירֶע עֶרְטֶער אִין זֵיירֶע
נֶעמֶען; פִירְשְׁט תִּמְנָע, פִירְשְׁט עַלְוָה,
פִירְשְׁט יְתֵת׃
41 פִירְשְׁט אָהֳלִיבָמָה, פִירְשְׁט אֵלָה,
פִירְשְׁט פִּינֹן׃
42 פִירְשְׁט קְנַז, פִירְשְׁט תֵּימָן, פִירְשְׁט
מִבְצָר׃
43 פִירְשְׁט מַגְדִיאֵל, פִירְשְׁט עִירָם;
דִיזֶע זֶענֶען דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן אֱדוֹם,
נָאךְ זֵיירֶע וְואוֹינוּנְגֶען, אִין דֶעם לַאנְד
פוּן זֵייעֶר בֶּעזִיץ, עֶר אִיז עֵשָׂו דֶער
פָאטֶער פוּן אֱדוֹם׃

## קאפיטעל לז

### וישב

א אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעווְאוֹינְט אִין
דעם

דעם לאַנד פון דער וואוינונג פון זיין
פאַטער, אין דעם לאַנד כּנען׃
2 דיזע זענען דיא געשלעכטער פון יעקב.
יוסף איז אַלט געוועזען זיבּצעהן יאהר,
אונד ער איז געוועזען איין פאַסטאַך
מיט זיינע ברידער ביי דיא שאף, אונד
ער איז געוועזען איין יונג מיט דיא
זיהן פון בלהה אונד מיט דיא זיהן פון
זלפה, דיא ווייבּער פון זיין פאַטער;
אונד יוסף האט געבּראַכט זיירע בּייזע
רייד צו זייער פאַטער׃
3 אונד ישראל האט געליבּט דעם
יוסף מעהר וויא אַלע זיינע זיהן, וויל
ער איז געוועזען איין זוהן פון זיינע על-
טער צו איהם, אונד ער האט איהם
געמאַכט איין העמד פון פילע פאַרבּען׃
4 אונד זיינע ברידער האבּען געזעהען
דאס זייער פאַטער האט איהם מעהר
געליבּט דען אַלע זיינע ברידער, אַזוי
האבּען זייא איהם פיינד געהאט, אונד
זייא האבּען ניט געקאַנט אין פרידען
ריידען מיט איהם׃
5 אונד יוסף האט געחלומט איין
חלום, אונד ער האט עס ערצײלט צו
זיינע ברידער, אונד זייא האבּען איהם
נאך מעהר פיינד געהאט׃
6 אונד ער האט צו זייא געזאָגט,
הערט, איך בּעט אייך, דיזען חלום
וואס איך האבּ געחלומט׃
7 אונד נון מיר האבּען געבּונדען
בּינדלעך אין מיטען פון דעם פעלד,
אונד נון מיין בּינדעל איז אויפגעשטאַנען
אונד עס איז אויך שטיין געבּליבּען,
אונד נון, אייערע בּינדלעך האבּען עס
אומגערינגעלט, אונד זייא האבּען זיך
געבּיקט צו מיין בּינדעל׃
8 אונד זיינע ברידער האבּען צו
איהם געזאָגט, ווילסטו ווירקליך איבּער
אונס קעניגען, אָדער איבּער אונס
געוועלטיגען? אונד זייא האבּען איהם
נאך מעהר פיינד געהאט, פון וועגען
זיינע חלומות אונד פון וועגען זיינע
רייד׃
9 אונד ער האט נאך איין אַנדערען
חלום געחלומט, אונד ער האט עס
ערצײלט צו זיינע ברידער, אונד ער
האט געזאָגט, נון, איך האבּ געחלומט
נאך איין חלום, אונד זעה דיא זון מיט
דיא לבנה אונד עלף שטערען האבּען
זיך געבּיקט צו מיר׃
10 אונד ער האט עס ערצײלט צו
זיין פאַטער אונד צו זיינע ברידער;
אונד זיין פאַטער האט אויף איהם אָנ-
געשריגען, אונד ער האט צו איהם
געזאָגט, וואס איז דיזער חלום וואס
דוא האסט געחלומט? זאָלען מיר דען
קומען, איך אונד דיינע מוטער אונד
דיינע בּרידער, אונס צו בּיקען צו דיר
צו דער ערד?
11 אונד זיינע בּרידער האבּען איהם
בּעניידעט (מקנא געוועזען), אָבּער זיין
פאַטער האט געהיט דאס וואָרט׃
12 אונד זיינע בּרידער זענען געגאַנ-
גען צו פיטערען דיא שאף פון זייער
פאַטער אין שכם׃
13 אונד ישראל האט געזאָגט צו
יוסף, פאַרוואָהר דיינע בּרידער פיטערען
אין שכם, גייא אונד איך וועל דיך
שיקען צו זייא, אונד ער האט
געזאָגט, היר בּין איך׃
14 אונד ער האט צו איהם געזאָגט,
גייא נון, זעה דען פרידען פון דיינע
בּרידער אונד דען פרידען פון דיא
שאף, אונד בּרענג מיר צוריק איין

ענטפער

עֶנְטְפֶער, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַוֶועק גֶעשִׁיקְט פוּן דֶעם טָאהְל חֶבְרוֹן, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֶען שְׁכֶם׃

15 אוּנְד אֵיין מַאן הָאט אִיהְם גֶעפוּנֶען, אוּנְד נוּן עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען פַארְאִירְט אִין דֶעם פֶעלְד, אוּנְד דֶער מַאן הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט צוּ זָאגֶען, וָואס זוּכְסְטוּ?

16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ זוּךְ מֵיינֶע בְּרִידֶער, זָאג מִיר, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, וְואוּ זֵייא פִּיטֶערֶען׃

17 אוּנְד דֶער מַאן הָאט גֶעזָאגְט, זֵייא הָאבֶּען אַוֶועק גֶעצוֹיגֶען פוּן דַאנֶען, דֶען אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דָאס זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר וֶועלֶען גֵיין נָאךְ דֹתָן, אוּנְד יוֹסֵף אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ זֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעפוּנֶען אִין דֹתָן׃

18 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם דֶערְזֶעהֶען פוּן וֵוייטֶען, אוּנְד אֵיידֶער עֶר הָאט נָאךְ גֶענֶעהְנְט צוּ זֵייא, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ בֶּערָאטֶען אִיהְם צוּ טוֹיטֶען׃

19 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט אֵיינֶער צוּ זֵיין בְּרוּדֶער, זֶעה, דִיזֶער מַאן פוּן דִיא חֲלוֹמוֹת קוּמְט׃

20 אוּנְד יֶעצְט קוּמְט אוּנְד מִיר וֶועלֶען אִיהְם טוֹיטֶען, אוּנְד מִיר וֶועלֶען אִיהְם אַרֵיין וַוארְפֶען אִין אֵיינֶע פוּן דִיא גְרִיבֶּער, אוּנְד מִיר וֶועלֶען זָאגֶען אֵיין בֵּייזֶעס טְהִיר (חַיָה רָעָה) הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעגֶעסֶען, אוּנְד מִיר וֶועלֶען זֶעהֶען וָואס וֶועט וֶוערֶען פוּן זֵיינֶע חֲלוֹמוֹת׃

21 אוּנְד רְאוּבֵן הָאט עֶס גֶעהֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶערֶעטֶעט פוּן זֵייעֶרֶע הֶענְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מִיר וֶועלֶען אִיהְם נִיט עֶרְשְׁלָאגֶען דִיא זֶעלֶע׃

22 אוּנְד רְאוּבֵן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְגִיסֶען קֵיין בְּלוּט, וַוארְפְט אִיהְם אַרֵיין אִין דִיזֶע גְרוּבּ, וָואס אִיז אִין דֶער מִדְבָּר, אָבֶּער שְׁטְרֶעקְט נִיט אֵייעֶרֶע הַאנְד אָן אִיהְם, פוּן וֶועגֶען עֶר זָאל אִיהְם רֶעטֶען פוּן זֵייעֶרֶע הֶענְד, אִיהְם צוּרִיק צוּבְּרֶענְגֶען צוּ זֵיין פָאטֶער׃

23 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז יוֹסֵף אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זֵיינֶע בְּרִידֶער, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אָבְּגֶעצוֹיגֶען דֶעם יוֹסֵף זֵיין הֶעמְד, דָאס הֶעמְד פוּן פִילֶע פַארְבֶּען, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף אִיהְם׃

24 אוּנְד זֵייא חָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַרֵיין גֶעוָוארְפֶען אִין דֶער גְרוּבּ, אָבֶּער דִיא גְרוּבּ אִיז גֶעוֶועזֶען לֵיידִיג, עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אִין אִיהְר קֵיין וַואסֶער׃

25 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ נִידֶערְגֶעזֶעצְט צוּ עֶסֶען בְּרוֹיט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, אוּנְד נוּן אַ רֵייזֶענְדֶע גֶעזֶעלְשַׁאפְט פוּן יִשְׁמְעֵאלִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן גִלְעָד, אוּנְד זֵייעֶרֶע קֶעמֶעלְן הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען גֶעוִוירְץ אוּנְד בַּאלְזַאם, אוּנְד לַאדַאנוּם, זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אַרָאבּ צוּ נִידֶערֶען קֶען מִצְרַיִם׃

26 אוּנְד יְהוּדָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע בְּרִידֶער, וָואס פִיר אֵיין גֶעוִוין אִיז צוּ אוּנְס וֶוען מִיר וֶועלֶען עֶרְשְׁלָאגֶען אוּנְזֶער בְּרוּדֶער אוּנְד מִיר וֶועלֶען פֶערְהוֹילֶען זֵיין בְּלוּט?

27 קוּמְט, אוּנְד מִיר וֶועלֶען אִיהְם פֶערְקוֹיפֶען צוּ דִיא יִשְׁמְעֵאלִים, אוּנְד אוּנְזֶער הַאנְד זָאל נִיט זֵיין אָן אִיהְם, וֵוייל עֶר אִיז אוּנְזֶער בְּרוּדֶער, אוּנְזֶער פְלֵייש; אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען אִיהְם צוּ גֶעהֶערְט׃

28 אונד עס זענען איבער געפארען דיא מעגער פון מדין סוחרים, אונד זייא האבען ארויסגעצויגען אונד זייא האבען הערויפגעבראכט דעם יוסף פון דער גרוב, אונד זייא האבען דעם יוסף פארקויפט צו דיא ישמעאלים, פאר צוואנציג שטיק זילבער, אונד זייא האבען דעם יוסף געבראכט נאך מצרים:

29 אונד ראובן האט זיך ווידערגעקערט צו דער גרוב, אונד זעה, יוסף איז ניט געוועזען אין דער גרוב, אונד ער האט צוריסען זיינע קליידער:

30 אונד ער האט צוריק געקערט צו זיינע ברידער, אונד ער האט געזאגט, דאס קינד איז ניט דא, אונד איך, וואו זאל איך אהין קומען?

31 אונד זייא האבען גענומען דאס העמד פון יוסף, אונד זייא האבען געשאכטען איין ציגען־בעקעל, אונד זייא האבען איינגעטונק דאס העמד פון יוסף אין דעם בלוט:

32 אונד זייא האבען געשיקט דאס העמד פון פילע פארבען, אונד זייא האבען עס געבראכט צו זייער פאטער, אונד זייא האבען געזאגט, דיזעס האבען מיר געפונען, ערקען נון, אויב עס איז דאס העמד פון דיין זוהן אדער ניט:

33 אונד ער האט עס ערקאנט, אונד ער האט געזאגט, עס איז דאס העמד פון מיין זוהן! איין בייזעס טהיר האט איהם אויפגעגעסען, געוויס איז יוסף פערצוקט געווארען:

34 אונד יעקב האט צוריסען זיינע קליידער, אונד ער האט געטהון איין זאק אויף זיינע לענדען, אונד ער האט געטרויערט איבער זיין זוהן פילע טעג:

35 אונד אלע זיינע זיהן אונד אלע זיינע טעכטער זענען אויפגעשטאנען איהם צו טרייסטען, אבער ער האט זיך ניט געוואלט לאזען טרייסטען, אונד ער האט געזאגט, נייערט איך וועל נידערגעהן צו מיין זוהן טרויעריג אין דעם (שאול) גרוב, אונד זיין פאטער האט איהם בעוויינט:

36 אונד דיא מדנים האבען איהם פערקויפט נאך מצרים צו פוטיפר דער הויפטדינער פון פרעה, פירשט פון דיא שלאכטער (אדער קעכער):

## קאפיטעל לח

א אונד עס איז געוועזען אין דער זעלבער צייט, אונד יהודה איז אראפ־געגאנגען פון זיינע ברידער, אונד ער האט געניינט (זיין געצעלט) ביז איין מאן פון עדלם, אונד זיין נאמען איז געוועזען חירה:

2 אונד יהודה האט דארטען געזעהען דיא טאכטער פון איין מאן איין כנעני, אונד זיין נאמען איז געוועזען שוע, אונד ער האט זיא גענומען אונד ער איז געקומען צו איהר:

3 אונד זיא איז טראגעדיג געווארען אונד זיא האט געבוירען איין זוהן, אונד ער האט גערופען זיין נאמען ער:

4 אונד זיא איז נאכאיינמאל טראגעדיג געווארען אונד זיא האט געבוירען איין זוהן, אונד זיא האט גערופען זיין נאמען אונן:

5 אונד זיא האט נאך געמעהרט, אונד זיא האט געבוירען איין זוהן, אונד זיא האט גערופען זיין נאמען שלה,



אונד

אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין כְּזִיב, וֶוען זִיא הָאט אִיהְם גֶעבּוֹירֶען׃

6 אוּנְד יְהוּדָה הָאט גֶענוּמֶען אֵיין וַוייבּ צוּ עֵר זֵיין עֶרשְׁט־גֶעבּוֹירֶענֶעם אוּנְד אִיהְר נָאמֶען אִיז גֶעוֶועזֶען תָּמָר׃

7 אוּנְד עֵר דֶער עֶרשְׁט־גֶעבָּארֶענֶער פוּן יְהוּדָה אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁלֶעכְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר (גָאט), אוּנְד דֶער הַאר (גָאט) הָאט אִיהְם גֶעטוֹיטֶעט׃

8 אוּנְד יְהוּדָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ אוֹנָן, קוּם צוּ דֵיין בְּרוּדֶערְס וַוייבּ אוּנְד בֶּעשְׁוֶוענְגֶער זִיא (זַייא זִיא מְיַבֵּם), אוּנְד רִיכְטֶע אוֹיף זָאמֶען צוּ דֵיין בְּרוּדֶער׃

9 אוּנְד אוֹנָן הָאט גֶעוְואוּסְט אַז דֶער זָאמֶען וֶועט נִיט זֵיין צוּ אִיהְם, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם וַוייבּ פוּן זֵיין בְּרוּדֶער, אַזוֹי הָאט עֶר (עֶס) פַארְדָארְבֶּען אוֹיף דֶער עֶרְד, אַז עֶר זָאל נִיט גֶעבֶּען קֵיין זָאמֶען צוּ זֵיין בְּרוּדֶער׃

10 אוּנְד עֶס אִיז שְׁלֶעכְט גֶעוֶועזֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר (גָאט) דָאס וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אוֹיךְ גֶעטוֹיטֶעט׃

11 אוּנְד יְהוּדָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ תָּמָר זֵיינֶע שְׁנוּר, בְּלֵייבּ אֵיין וִויטְוֶוע (אַלְמָנָה) אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֵיין פָאטֶער, בִּיז שֵׁלָה מֵיין זוּהְן וֶועט גְרוֹיס וֶוערֶען, דֶען עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פִילֵייכְט וֶועט עֶר אוֹיךְ שְׁטַארְבֶּען אַזוֹי וִויא זֵיינֶע בְּרִידֶער; אוּנְד תָּמָר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד זִיא הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין דֶעם הוֹיז פוּן אִיהְר פָאטֶער׃

12 אוּנְד דִיא טֶעג הָאבֶּען זִיךְ גֶעמֶעהְרְט, אוּנְד דִיא טָאכְטֶער פוּן שׁוּעַ, דָאס וַוייבּ פוּן יְהוּדָה, אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד יְהוּדָה הָאט זִיךְ גֶעטְרֵייסְט, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא שֶׁערֶער פוּן זֵיינֶע שָׁאף, עֶר אוּנְד זֵיין פְרֵיינְד חִירָה פוּן עֲדֻלָּם, נָאךְ תִּמְנָת׃

13 אוּנְד עֶס אִיז דֶערְצֵיילְט גֶעוָוארֶען צוּ תָּמָר אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֶעה דֵיין שְׁוֶועהְר גֵייט אַרוֹיף נָאךְ תִּמְנָת צוּ שֶׁערֶען זֵיינֶע שָׁאף׃

14 אוּנְד זִיא הָאט אָפְּגֶעטְהוּן פוּן זִיךְ אִיהְרֶע וִויטְוֶוען־קְלֵיידֶער, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ בֶּעדֶעקְט מִיט אֵיין שְׁלֵייעֶר, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ אֵיינְגֶעהִילְט, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט בֵּייא דֶער טִיר פוּן עֵינַיִם, וָואס אִיז אוֹיף דֶעם וֶועג נָאךְ תִּמְנָת, דֶען זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס שֵׁלָה אִיז גְרוֹיס גֶעוָוארֶען, אוּנְד זִיא אִיז נִיט גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ אִיהְם פַאר אַ וַוייבּ׃

15 אוּנְד יְהוּדָה הָאט זִיא גֶעזֶעהֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ הוּר (זוֹנָה), דֶען זִיא הָאט צוּגֶעדֶעקְט אִיהְר אָנְגֶעזִיכְט׃

16 אוּנְד עֶר הָאט גֶענֵייגְט צוּ אִיהְר צוּ דֶעם וֶועג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, קוּם נוּן, אִיךְ וֶועל קוּמֶען צוּ דִיר, דֶען עֶר הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט אַז זִיא אִיז זֵיינֶע שְׁנוּר, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, וָואס וֶועסְטוּ מִיר גֶעבֶּען, אַז דוּא זָאלְסְט קוּמֶען צוּ מִיר?

17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל דִיר שִׁיקֶען אֵיין צִיגֶען־בֶּעקֶעל פוּן דִיא שָׁאף, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אוֹיבּ דוּא וֶועסְט מִיר גֶעבֶּען אֵיין מַשְׁכּוֹן בִּיז דוּא וֶועסְט עֶס שִׁיקֶען׃

18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס פַאר אֵיין מַשְׁכּוֹן זָאל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען? אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, דֵיין זִיגֶעל

רִינְג אוּנְד דַיין בַּאנְד אוּנְד שְׁטֶעקֶען וָואס אִיז אִין דַיין הַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט עֶס אִיהְר גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד עֶר אִיז צוּ אִיהְר גֶעקוּמֶען, אוּנְד זִיא אִיז פוּן אִיהְם טְרָאגֶעדִיג גֶעוָוארֶען:

19 אוּנְד זִיא אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זִיא הָאט דֶעם שְׁלֵייעֶר אָבְּגֶעטְהוּן פוּן זִיךְ, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ אָנְגֶעקְלֵיידֶעט מִיט אִיהְרֶע וִויטְוֶוען־קְלֵיידֶער:

20 אוּנְד יְהוּדָה הָאט גֶעשִׁיקְט דָאס צִיגֶען־בֶּעקֶעל דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן זַיין פְרֵיינְד דֶעם עֲדֻלָמִי, צוּ נֶעמֶען דָאס מַשְׁכּוֹן פוּן דִיא פְרוֹיא'ס הַאנְד, אָבֶּער עֶר הָאט זִיא נִיט גֶעפוּנֶען:

21 אוּנְד עֶר הָאט גֶעפְרֶעגְט דִיא מֶענֶער פוּן דֶעם אָרְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וְואוּ אִיז דִיא קְדֵשָׁה (הוּר) וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין עֵינַיִם, אוֹיף דֶעם וֶועג? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס אִיז הִיר נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין קְדֵשָׁה:

22 אוּנְד עֶר אִיז צוּרִיק גֶעגַאנְגֶען צוּ יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ זִיא נִיט גֶעפוּנֶען, אוּנְד אוֹיךְ דִיא מֶענֶער פוּן דֶעם אָרְט הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס אִיז הִיר נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין קְדֵשָׁה:

23 אוּנְד יְהוּדָה הָאט גֶעזָאגְט, לָאז זִיא עֶס הָאבֶּען, אַז מִיר זָאלֶען נִיט זַיין צוּ שַׁאנְדֶע. זֶעה, אִיךְ הָאבּ אִיהְר גֶעשִׁיקְט דִיזֶעס בֶּעקֶעל, אוּנְד דוּא הָאסְט זִיא נִיט גֶעפוּנֶען:

24 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דְרֵייא חֳדָשִׁים, אוּנְד עֶס אִיז עֶרְצֵיילְט גֶעוָוארֶען צוּ יְהוּדָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֵיינֶע שְׁנוּר תָּמָר הָאט מְזַנֶּה גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זֶעה זִיא אִיז אוֹיךְ טְרָאגֶעדִיג גֶעוָוארֶען פוּן הוּרֶערֵייא, אוּנְד יְהוּדָה הָאט גֶעזָאגְט, בְּרֶענְגְט זִיא אַרוֹיס, אוּנְד זִיא זָאל פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען:

25 זִיא אִיז אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ אִיהְר שְׁוֶועהְר אַזוֹי צוּ זָאגֶען, צוּ דֶעם מַאן צוּ וֶועלְכֶען דִיזֶעס גֶעהֶערְט פוּן אִיהְם בִּין אִיךְ טְרָאגֶעדִיג, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, דֶערְקֶען אִיךְ בֶּעט דִיךְ, צוּ וֶועמֶען גֶעהֶערְט דִיזֶער זִיגֶעל רִינְג אוּנְד שְׁנוּר אוּנְד שְׁטֶעקֶען?

26 אוּנְד יְהוּדָה הָאט עֶס עֶרְקֶענְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זִיא אִיז גֶערֶעכְטֶער פוּן מִיר, דֶערְוֵויל אִיךְ הָאבּ זִיא נִיט גֶעגֶעבֶּען צוּ מֵיין זוּהְן שֵׁלָה, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעמֶעהְרְט זִיא נָאךְ צוּ עֶרְקֶענֶען:

27 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער צֵייט פוּן אִיהְר גֶעבֶּערֶען, אוּנְד זֶעה, אֵיין צְווִילִינְג אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אִיהְר בּוֹיךְ:

28 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען, אַזוֹי הָאט אֵיינֶער גֶעגֶעבֶּען דִיא הַאנְד, אוּנְד דִיא הֵייבַּאם הָאט גֶענוּמֶען אוּנְד זִיא הָאט אוֹיף זַיין הַאנְד אָנְגֶעבּוּנְדֶען אֵיין רוֹיטֶען פָאדִים, אַזוֹי צוּ זָאגֶען דִיזֶער אִיז צוּם עֶרְשְׁטֶען אַרוֹיס גֶעקוּמֶען:

29 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז עֶר הָאט צוּרִיק גֶענוּמֶען זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד זֶעה, זַיין בְּרוּדֶער אִיז הֶערוֹיסגֶעקוּמֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, וָואס הָאסְטוּ גֶעבְּרָאכֶען אוֹיף דִיר אֵיין בְּרָאךְ? אוּנְד מֶען הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען פָּרֶץ:

30 אוּנְד דֶערְנָאךְ אִיז זַיין בְּרוּדֶער אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, וָואס דֶער רוֹיטֶער פָאדִים אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף זַיין הַאנְד, אוּנְד מֶען הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען זָרַח:



אוּנ־

## קאַפּיטעל לט

א אוּנְד יוֹסֵף אִיז אַרוּנְטֶער גֶעפִירְט גֶעוָוארֶען נָאךְ מִצְרַיִם, אוּנְד עֶס הָאט אִיהְם גֶעקוֹיפְט פּוֹטִיפַר דֶער הוֹיפּדִינְגֶער פוּן פַּרְעֹה, אֵיין פִירְשְׁט פוּן דִיא שְׁלַאכְטֶער, אֵיין מַאן פוּן מִצְרַיִם, פוּן דֶער הַאנְד פוּן דִיא יִשְׁמְעֵאלִים, וָואס הָאבֶּען אִיהְם דָארְט הֶערוּנְטֶער גֶעבְּרַאכְט:

2 אוּנְד דֶער הַאר (גָאט) אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט יוֹסֵף, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין גְלִיקְלִיכֶער מַאן, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן זֵיין הַאר, דֶער מִצְרִי:

3 אוּנְד זֵיין הַאר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דֶער הַאר (גָאט) אִיז מִיט אִיהְם, אוּנְד אַלֶעס דָאס וָואס עֶר טְהוּט הָאט דֶער הַאר (גָאט) בֶּעגְלִיקְט אִין זֵיינֶע הַאנְד:

4 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעפוּנֶען גְנָאד אִין זֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעדִינְט, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעזֶעצְט אִיבֶּער זֵיין הוֹיז, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אִין זֵיינֶע הַאנְד:

5 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דֶער צֵייט אַלְס עֶר הָאט אִיהְם גֶעזֶעצְט אִיבֶּער זֵיין הוֹיז, אוּנְד אִיבֶּער אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר (גָאט) גֶעבֶּענְשְׁט דָאס הוֹיז פוּן דֶעם מִצְרִי וֶועגֶען יוֹסֵף, אוּנְד דִיא בְּרָכָה פוּן דֶעם הַאר (גָאט) אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט, אִין דֶעם הוֹיז אוּנְד אוֹיף דֶעם פֶעלְד:

6 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְלָאזֶען אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט אִין דִיא הַאנְד פוּן יוֹסֵף, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט קֵיין זַאךְ מִיט אִיהְם, נֵייעֶרְט דָאס בְּרוֹיט וָואס עֶר הָאט גֶעגֶעסֶען; אוּנְד יוֹסֵף אִיז גֶעוֶועזֶען שֵׁיין פוּן גֶעשְׁטַאלְט אוּנְד שֵׁיין אָנְצוּזֶעהֶען:

7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דִיזֶע זַאכֶען, אַזוֹי הָאט דָאס וֵייבּ פוּן זֵיין הַאר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אִיהְרֶע אוֹיגֶען צוּ יוֹסֵף, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, לִיג מִיט מִיר:

8 אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם וֵייבּ פוּן זֵיין הַאר, זֶעה, מֵיין הַאר וֵייס נִיט וָואס אִיז מִיט מִיר אִין דֶעם הוֹיז, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט, הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אִין מֵיינֶע הַאנְד:

9 קֵיינֶער אִין דֶעם הוֹיז אִיז נִיט גְרֶעסֶער פוּן מִיר, אוּנְד עֶר הָאט נִיט פֶערְמִיטֶען פוּן מִיר גָארְנִיט, נֵייעֶרְט דִיךְ, וֵוייל דוּא בִּיסְט זֵיין וֵוייבּ, אוּנְד וְויא אַזוֹי זָאל אִיךְ טְהוּן דִיזֶע גְרוֹיסֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אַז אִיךְ זָאל זִינְדִיגֶען גֶעגֶען גָאט:

10 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז זִיא הָאט גֶערֶעט יֶעדֶען טָאג צוּ יוֹסֵף, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעהֶערְט צוּ אִיהְר, בֵּייא אִיהְר צוּ לִיגֶען, מִיט אִיהְר צוּ זֵיין:

11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וְויא דִיזֶער טָאג, אַזוֹי אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז צוּ טְהוּן זֵיינֶע אַרְבֵּייט, אוּנְד קֵיין מֶענְשׁ פוּן דִיא לֵייטֶע פוּן דֶעם הוֹיז אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען דָארְטֶען אִין דֶעם הוֹיז:

12 אַזוֹי זִיא הָאט אִיהְם עֶרְגְרִיפֶען בֵּייא זֵיין קְלֵייד, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, לִיג מִיט מִיר, אוּנְד עֶר הָאט פֶערְלָאזֶען זֵיין קְלֵייד אִין אִיהְרֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר אִיז אַוֶועק גֶעלָאפֶען, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אִין דְרוֹיסֶען:

13 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר הָאט פֶערלָאזֶען זַיין קְלֵייד אִין אִיהְרֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר אִיז אַוֶועק גֶעלָאפֶען אִין דְרויסֶען:

14 אַזוֹי הָאט זִיא גֶערוּפֶען צוּ דִיא מֶענְשֶׁען פוּן אִיהְר הויז, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵייא, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֶעהְט עֶר הָאט צוּ אוּנְס גֶעבְּרַאכְט, אֵיין מַאן, אֵיין עִבְרִי, אִיבֶּער אוּנְס צוּ שְׁפֶּעטֶען, עֶר אִיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען צוּ לִיגֶען מִיט מִיר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶערוּפֶען, מִיט אַ גְרויסֶען קוֹל:

15 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז עֶר הָאט גֶעהֶערְט אַז אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיין קוֹל אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶערוּפֶען, אַזוֹי הָאט עֶר פֶערְלָאזֶען זַיין קְלֵייד בֵּייא מִיר, אוּנְד עֶר אִיז אַוֶועק גֶעלָאפֶען אוּנְד עֶר אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען אִין דְרויסֶען:

16 אוּנְד זִיא הָאט גֶעלָאזְט לִיגֶען זַיין קְלֵייד בֵּייא אִיהְר, בִּיז זַיין הַאר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זַיין הויז:

17 אוּנְד זִיא הָאט גֶערֶעט צוּ אִיהְם אַזוֹי וִויא דִיזֶע רֵייד, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער קְנֶעכְט, דֶער עִבְרִי, וָואס דוּא הָאסְט גֶעבְּרַאכְט צוּ אוּנְס, אִיז גֶעקוּמֶען צוּ שְׁפֶּעטֶען אִיבֶּער מִיר:

18 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיין קוֹל אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶערוּפֶען, אַזוֹי הָאט עֶר פַארְלָאזֶען זַיין קְלֵייד בֵּייא מִיר, אוּנְד עֶר אִיז אַוֶועק גֶעלָאפֶען אִין דְרויסֶען:

19 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז זַיין הַאר הָאט גֶעהֶערְט דִיא וֶוערְטֶער פוּן זַיין וַוייבּ וָואס זִיא הָאט גֶערֶעט צוּ אִיהְם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי וִויא דִיזֶע זַאכֶען הָאט דֵיין קְנֶעכְט צוּ מִיר גֶעטְהוּן, אַזוֹי הָאט זַיין צָארְן דֶערְגְרִימְט:

20 אוּנְד דֶער הַאר פוּן יוֹסֵף הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַרֵיין גֶעגֶעבֶּען אִין דֶעם גֶעפֶּענְקֶענְעס הויז, אִין דֶעם אָרְט וָואס דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע פוּן דֶעם קֶענִיג זֶענֶען גֶעבּוּנְדֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דָארְטֶען אִין דָאס גֶעפֶּענְקֶענִעס־הויז:

21 אוּנְד דֶער הַאר (גָאט) אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט יוֹסֵף, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶענֵייגְט גְנָאד, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען חֵן (גוּנְסְט) אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם פִירְשְׁט פוּן דֶעם גֶעפֶּענְקֶענִעס־הויז:

22 אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן דֶעם גֶעפַאנְקֶענֶעס־הויז הָאט גֶעגֶעבֶּען אִין דֶער הַאנְד פוּן יוֹסֵף אַלֶע דִיא גֶעפֶענְגֶענֶע וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם גֶעפֶּענְקֶענֶעס־הויז, אוּנְד אַלֶעס וָואס מֶען טְהוּט דָארְטֶען, הָאט עֶר גֶעטְהוּן:

23 דֶער פִירְשְׁט פוּן דֶעם גֶעפֶּענְקֶענֶעס־הויז הָאט נִיט נָאכְגֶעזֶעהֶען גָאר נִיט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין זַיינֶע הַאנְד, וַוייל דֶער הַאר (גָאט) אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהְם, אוּנְד וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן דָאס הָאט דֶער הַאר (גָאט) בֶּעגְלִיקְט:

## קאפיטעל מ

א אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דִיזֶע זַאכֶען, דָא הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט דֶער שֶׁענְקֶער פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם אוּנְד דֶער בֶּעקֶער, גֶעגֶען זֵייעֶר הַאר, דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם:

2 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעצֶערֶענְט אִיבֶּער זַיינֶע צְוֵוייא הוֹיפְּ־דִינֶער, אִיבֶּער דֶעם פִירְשְׁט פוּן דִיא שֶׁענְקֶער אוּנְד אִיבֶּער



דעם

דֶעם פִּירְשְׁט פוּן דִיא בֶּעקֶער:
3 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אִין
דִיא הִיטוּנְג, אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם
פִּירְשְׁט פוּן דִיא שְׁלַאכְטֶער, אִין דֶעם
גֶעפֶּענְקֶענִעס־הויז, אִין דֶעם אָרְט וְואוּ
יוֹסֵף אִיז גֶעבּוּנְדֶען גֶעוֶועזֶען:
4 אוּנְד דֶער פִּירְשְׁט פוּן דִיא שְׁלַאכְטֶער
הָאט גֶעזֶעצְט דֶעם יוֹסֵף אִיבֶּער זֵייא,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא בֶּעדִינְט, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען טֶעג (אַ צֵייט לַאנְג)
אִין דֶעם גֶעפֶּענְקֶענִעס:
5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֵּיידֶע גֶעחָלוֹמְט
אֵיין חָלוֹם, יֶעדֶער זֵיין חָלוֹם אִין אֵיין
נַאכְט, יֶעדֶערֶער נָאךְ דֶער בֶּעדֵייטוּנְג
פוּן זֵיין חָלוֹם, דֶער שֶׁענְקֶער אוּנְד
דֶער בֶּעקֶער וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צוּ
דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם, וָואס זֶענֶען
גֶעבּוּנְדֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם גֶעפֶּענְ־
קֶענִעס־הויז:
6 אוּנְד יוֹסֵף אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זֵייא
אִין דֶעם מָארְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה, זֵייא זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען טְרוֹיעֶרִיג:
7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעפְרֶעגְט דִיא הויפְּ־
דִינֶער פוּן פַּרְעֹה, וָואס זֶענֶען מִיט
אִיהְם גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם גֶעפֶּענְקֶענִעס
אִין דֶעם הויז פוּן זֵיין הַאר, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, וָוארוּם זֶעהֶען אֵיירֶע אָנְגֶעזִיכְטֶער
אַזוֹי שְׁלֶעכְט אוֹיס הֵיינְט?
8 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
מִיר הָאבֶּען גֶעחָלוֹמְט אֵיין חָלוֹם, אוּנְד
עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין בֶּעשֵׁיידֶער, אוּנְד
יוֹסֵף הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פַאר
וָואהְר, צוּ גָאט גֶעהֶערְט דִיא בֶּעדֵיי־
טוּנְג, עֶרְצֵיילְט עֶס נוּן צוּ מִיר:
9 אוּנְד דֶער פִּירְשְׁט פוּן דִיא שֶׁענְקֶער
הָאט עֶרְצֵיילְט זֵיין חָלוֹם צוּ יוֹסֵף,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם, אִין
מֵיין חָלוֹם, אוּנְד זֶעה אֵיין וֵויינְשְׁטָאק
אִיז פַאר מִיר גֶעוֶועזֶען:
10 אוּנְד אִין דֶעם וֵויינְשְׁטָאק זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען דְרֵייא צְוַוייגֶען, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ אַלְס עֶר הָאט גֶעבְּלִיט,
אִיהְר גֶעבְּלִיכְטֶס אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען,
אִיהְרֶע הֵיינְגְלֶען הָאבֶּען צֵייטִיג גֶעמַאכְט
אִיהְרֶע וֵויינְטְרוֹיבֶּען:
11 אוּנְד דֶער בֶּעכֶער פוּן פַּרְעֹה אִיז
גֶעוֶועזֶען אִין מֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ גֶענוּמֶען דִיא וֵויינְטְרוֹיבֶּען, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ זֵייא אוֹיסְגֶעדְרִיקְט אִין דֶעם
בֶּעכֶער פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
גֶעגֶעבֶּען דֶעם בֶּעכֶער אִין דֶער הַאנְד
פוּן פַּרְעֹה:
12 אוּנְד יוֹסֵף הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דִיזֶעס אִיז דִיא בֶּעדֵייטוּנְג, דִיא דְרֵייא
צְוַוייגֶען זֶענֶען דְרֵייא טֶעג:
13 אִין נָאךְ דְרֵייא טֶעג, וֶועט פַּרְעֹה
עֶרְהֵייבֶּען דֵיין קָאפְּף, אוּנְד עֶר וֶועט
דִיךְ צוּרִיק זֶעצֶען אוֹיף דֵיינֶע שְׁטֶעלֶע,
אוּנְד דוּא וֶועסְט גֶעבֶּען דֶעם בֶּעכֶער
פוּן פַּרְעֹה אִין זֵיינֶע הַאנְד, אַזוֹי וִויא
נָאךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער אָרְדֶענוּנְג אַז דוּא
בִּיסְט גֶעוֶועזֶען זֵיין שֶׁענְקֶער:
14 נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט מִיךְ גֶעדֶענְקֶען
בֵּייא דִיר, וֶוען עֶס וֶועט דִיר גוּט זֵיין,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן, אִיךְ בֶּעט דִיךְ,
גְנָאד מִיט מִיר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מִיךְ
גֶעדֶענְקֶען צוּ פַּרְעֹה, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
מִיךְ אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען פוּן דִיזֶעם הויז:
15 דֶען אִיךְ בִּין גֶעגַנְבֶעט גֶעוָוארֶען
פוּן דֶעם לַאנְד פוּן דִיא עִבְרִים, אוּנְד
אוֹיךְ הִיר הָאבּ אִיךְ קֵיין אוּנְרֶעכְט
גֶעטְהוּן דָאס זֵייא הָאבֶּען מִיךְ גֶעלֵייגְט
אִין דֶער גְרוּבּ:

16 אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא בֶּעקֶער הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס עֶר הָאט גוּט בֶּעדַייטֶעט, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף ,אוֹיךְ אִיךְ וַואר אִין מֵיין חָלוֹם, אוּנְד זֶעה, דְרֵייא קֶערְבּ פוּן וַוייס בְּרוֹיט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף מֵיין קָאפְּף :

17 אוּנְד אִין דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען קָארְבּ זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן אַלֶערְלֵייא שְׁפֵּייזֶען פוּן פַּרְעֹה, בֶּעקֶער־וֶוערְק, אוּנְד דִיא פֵייגֶעל הָאבֶּען זֵייא גֶעגֶעסֶען פוּן דֶעם קָארְבּ פוּן מֵיין קָאפְּף :

18 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיזֶעס אִיז זַיינֶע בֶּעדַייטוּנְג, דִיא דְרֵייא קֶערְבּ זֶענֶען דְרֵייא טֶעג :

19 אִין נָאךְ דְרֵייא טֶעג וֶועט פַּרְעֹה אַרָאפּ גֶעמֶען דֵיין קָאפְּף פוּן דִיר, אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ אוֹיפְהֶענְגֶען אוֹיף אֵיין בּוֹים, אוּנְד דִיא פֵייגֶעל וֶועלֶען עֶסֶען דֵיין פְלֵייש פוּן דִיר :

20 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג, דֶער גֶעבּוּרְטְס־טָאג פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר גֶעמַאכְט אֵיינֶע מָאהְלְצַייט צוּ אַלֶע זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם קָאפְּף פוּן דֶעם פִירְשְׁט פוּן דִיא שֶׁענְקֶער ,אוּנְד דֶעם קָאפְּף פוּן דֶעם פִירְשְׁט פוּן דִיא בֶּעקֶער, צְוִוישֶׁען זַיינֶע קְנֶעכְט :

21 אוּנְד עֶר הָאט צוּרִיק גֶעזֶעצְט דֶעם פִירְשְׁט פוּן דִיא שֶׁענְקֶער אוֹיף זַיין שֶׁענְק־אַמְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־גֶעבֶּען דֶעם בֶּעכֶער אִין דִיא הַאנְד פוּן פַּרְעֹה :

22 אוּנְד דֶעם פִירְשְׁט פוּן דִיא בֶּעקֶער הָאט עֶר אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען, אַזוֹי וִויא יוֹסֵף הָאט בֶּעדַייטֶעט :

23 אָבֶּער דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא שֶׁענְקֶער, הָאט נִיט גֶעדֶענְקְט אָן יוֹסֵף, נֵייעֶרְט עֶר הָאט אִיהְם פֶערְגֶעסֶען :

## קאפיטעל מא

### מקץ

א אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַם עֶנְדֶע פוּן צְוֵוייא יָאהְר צֵייט, אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעחָלוֹמְט, אוּנְד זֶעה, עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶעם טֵייךְ :

2 אוּנְד זֶעה, פוּן דֶעם טֵייךְ זֶענֶען אַרוֹיס גֶענַאנְגֶען זִיבֶּען קִיה, שֵׁיין פוּן אָנְזֶעהֶען אוּנְד פֶעט פוּן פְלֵייש, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפִּיטֶערְט אוֹיף דֶעם גְרִינֶעם גְרָאז :

3 אוּנְד זֶעה, זִיבֶּען אַנְדֶערֶע קִיה זֶענֶען אַרוֹיפְגֶענַאנְגֶען נָאךְ זֵייא פוּן דֶעם טֵייךְ, שְׁלֶעכְט פוּן אָנְזֶעהֶען אוּנְד מָאגֶער פוּן פְלֵייש, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דִיא קִיה אוֹיף דֶעם בָּארְטֶען פוּן דֶעם טֵייךְ :

4 אוּנְד דִיא קִיה שְׁלֶעכְט פוּן אָנְזֶעהֶען אוּנְד מָאגֶער פוּן פְלֵייש הָאבֶּען אוֹיפְגֶעגֶעסֶען דִיא זִיבֶּען קִיה שֵׁיין פוּן אָנְזֶעהֶען אוּנְד פֶעט, אוּנְד פַּרְעֹה אִיז אוֹיפְגֶעוַואכְט :

5 אוּנְד עֶר אִיז אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעחָלוֹמְט צוּם צְוֵוייטֶען־מָאל, אוּנְד זֶעה, זִיבֶּען זַאנְגֶען זֶענֶען אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף אֵיין שְׁטֶענְגֶעל, פֶעטֶע אוּנְד גוּטֶע :

6 אוּנְד זֶעה, זִיבֶּען זַאנְגֶען דִינֶע אוּנְד אוֹיסְגֶעקְלַאפְּטֶע פוּן דֶעם מִזְרַח־וִוינְד, הָאבֶּען אַרוֹיס גֶעשְׁפְּרָאצְט נָאךְ זֵייא :

7 אוּנְד דִיא דִינֶע זַאנְגֶען הָאבֶּען פֶערְשְׁלוּנְגֶען דִיא פֶעטֶע אוּנְד פוּלֶע זַאנְגֶען, אוּנְד פַּרְעֹה אִיז אוֹיפְגֶעוַואכְט, אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ חָלוֹם :



אונד

8 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם מָארְגֶען, אַזוֹי אִיז זַיין גַייסְט אוּמְרוּהִיג גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען אַלֶע צוֹיבֶּערֶער פוּן מִצְרַיִם אוּנְד אַלֶע אִיהְרֶע קְלוּגֶע (לֵייט), אוּנְד פַּרְעֹה הָאט פֶערְצֵיילְט צוּ זֵייא זַיין חָלוֹם, אָבֶּער קֵיינֶער הָאט זֵייא נִיט גֶעקֶענְט בֶּעדֵייטֶען צוּ פַּרְעֹה:

9 אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא שֶׁענְקֶערְס הָאט גֶערֶעט צוּ פַּרְעֹה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, מֵיינֶע זִינְדֶען דֶערמָאן אִיךְ הֵיינְט:

10 פַּרְעֹה הָאט גֶעצֶערֶענְט אוֹיף זֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעגֶעבֶּען אִין דֶעם גֶעפֶּענְקֶענִעס פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם פִירְשְׁט פוּן דִיא שְׁלַאכְטֶער, מִיךְ אוּנְד דֶעם פִירְשְׁט פוּן דִיא בֶּעקֶער:

11 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעחָלוֹמְט אֵיין חָלוֹם אִין אֵיין נַאכְט, אִיךְ אוּנְד עֶר, יֶעדֶערֶער נָאךְ דֶער בֶּעדֵייטוּנְג פוּן זַיין חָלוֹם הָאבֶּען מִיר גֶעחָלוֹמְט:

12 אוּנְד דָארְטֶען אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט אוּנְס אֵיין יוּנְג, אֵיין עִבְרִי, אֵיין קְנֶעכְט פוּן דֶעם פִירְשְׁט פוּן דִיא שְׁלַאכְטֶער, אוּנְד מִיר הָאבֶּען אִיהְם פֶערְצֵיילְט, אוּנְד עֶר הָאט בֶּעדֵייטֶעט צוּ אוּנְס אוּנְזֶע־רֶע חֲלוֹמוֹת, יֶעדֶען אַזוֹי וִויא זַיין חָלוֹם וַואר, הָאט עֶר בֶּעדֵייטֶעט:

13 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא עֶר הָאט בֶּעדֵייטֶעט צוּ אוּנְס אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען, מִיךְ הָאט עֶר צוּרִיק גֶעזֶעצְט אוֹיף מֵיינֶע שְׁטֶעלֶע, אוּנְד אִיהְם הָאט עֶר אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען:

14 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען דֶעם יוֹסֵף, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶער גְרוּבּ, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אָפְּשֶׁערֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּער־גֶעבִּיטֶען זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ פַּרְעֹה:

15 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף, אִיךְ הָאבּ גֶעחָלוֹמְט אֵיין חָלוֹם, אוּנְד קֵיינֶער קֶען אִיהְם נִיט בֶּעדֵייטֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אוֹיף דִיר אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דָאס דוּא פֶערְשְׁטֵייסְט אוֹיסְצוּלֵייגֶען אַחָלוֹם:

16 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ פַּרְעֹה אַזוֹי צוּ זָאגֶען, נִיט אִין מִיר, גָאט וֶועט עֶנְטְפֶערֶען דֶעם פְרִידֶען צוּ פַּרְעֹה:

17 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף, אִין מֵיין חָלוֹם בִּין אִיךְ גֶעשְׁטַאנֶען בַּייא דֶעם בְּרֶעג פוּן דֶעם טֵייךְ:

18 אוּנְד נוּן פוּן טֵייךְ זֶענֶען אַרוֹיף גֶע־גַאנְגֶען זִיבֶּען קִיה, פֶעט פוּן פְלֵיישׁ, אוּנְד שֵׁיין פוּן גֶעשְׁטַאלְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפִּיטֶערְט אוֹיף דֶעם גְרִינֶעם גְרָאז:

19 אוּנְד נוּן, זִיבֶּען אַנְדֶערֶע קִיה, זֶענֶען אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען נָאךְ זֵייא, דִין אוּנְד זֶעהְר שְׁלֶעכְט פוּן גֶעשְׁטַאלְט, אוּנְד מָאגֶער פוּן פְלֵיישׁ, אַז אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעזֶעהֶען גְלֵייךְ וִויא זֵייא אִין שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד פוּן מִצְרַיִם:

20 אוּנְד דִיא מָאגֶערֶע אוּנְד שְׁלֶעכְטֶע קִיה הָאבֶּען אוֹיפְגֶעגֶעסֶען דִיא זִיבֶּען פֶעטֶע קִיה:

21 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אִין זֵייא אַרֵיין אוּנְד מֶען הָאט נִיט גֶעקֶענְט וִויסֶען אַז זֵייא זֶענֶען אִין זֵייא אַרֵיין, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיסְגֶעזֶעהֶען אַזוֹי שְׁלֶעכְט וִויא פְרִיהֶער, אוּנְד אִיךְ בִּין אוֹיפְגֶעוַואכְט:

22 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אִין מֵיין חָלוֹם אוּנְד נוּן זִיבֶּען זַאנְגֶען זֶענֶען אוֹיפְגֶעגַאנְ־גֶען אוֹיף אֵיין שְׁטֶענְגֶעל, פוּל אוּנְד גוּט:

23 אוּנְד זֶעה זִיבֶּען (אַנְדֶערֶע) זַאנגֶען, פֶערדַארְטֶע, דִינֶע אוּנְד פֶערטְרוּקֶענְט פוּן דֶעם מִזְרַח ווִינְד, זֶענֶען אוֹיפגֶעשְׁפְּרָאצְט נָאךְ זֵייא:

24 אוּנְד דִיא דִינֶע זַאנְגֶען הָאבֶּען פֶערשְׁלוּנְגֶען דִיא זִיבֶּען גוּטֶע זַאנְגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דָאס דֶערְצֵיילְט צוּ דִיא שְׁטֵיין־שְׁרֵייבֶּער אוּנְד קֵיינֶער קֶען מִיר דָאס נִיט אוֹיסלֵייגֶען:

25 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ פַּרְעֹה, דֶער חָלוֹם פוּן פַּרְעֹה אִיז אֵיינְס, וָואס גָאט וֶועט טְהוּן הָאט עֶר עֶנטפְּלֶעקְט צוּ פַּרְעֹה:

26 דִיא זִיבֶּען גוּטֶע קִיה זֶענֶען זִיבֶּען יָאהְר, אוּנְד דִיא זִיבֶּען גוּטֶע זַאנְגֶען זֶענֶען זִיבֶּען יָאהְר, עֶס אִיז אֵיין חָלוֹם:

27 אוּנְד דִיא זִיבֶּען דִינֶע אוּנְד שְׁלֶעכְטֶע קִיה וָואס זֶענֶען אוֹיפגֶעגַאנְגֶען נָאךְ זֵייא, זֶענֶען זִיבֶּען יָאהְר אוּנְד דִיא זִיבֶּען לֵיידִיגֶע זַאנְגֶען אוּנְד פֶערטְרוּקֶענְט פוּן דֶעם מִזְרַח ווִינְד וֶועלֶען זֵיין זִיבֶּען יָאהְר פוּן הוּנְגֶער:

28 דָאס אִיז דִיא זַאךְ וָואס אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט צוּ פַּרְעֹה, וָואס גָאט ווִיל טְהוּן הָאט עֶר גֶעווִיזֶען צוּ פַּרְעֹה:

29 זֶעה עֶס קוּמֶען זִיבֶּען יָאהְר פוּן גְרוֹיסֶע זֶעטִיגְקֵייט אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד פוּן מִצְרַיִם:

30 אָבֶּער עֶס וֶועלֶען אוֹיפשְׁטֵיין זִיבֶּען יָאהְר פוּן הוּנְגֶער נָאךְ זֵייא, אוּנְד דִיא זֶעטִגְקֵייט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם וֶועט פֶערגֶעסֶען וֶוערֶען, אוּנְד דֶער הוּנְגֶער וֶועט פַארדַארְבֶּען דָאס לַאנְד:

31 אוּנְד דִיא זֶעטִיגְקֵייט וֶועט נִיט דֶערקֶענְט וֶוערֶען אִין דֶעם לַאנְד פוּן וֶועגֶען דֶעם זֶעלְבִּיגֶען הוּנְגֶער דֶערנָאךְ, דֶען עֶס וֶועט זֶעהְר שְׁוֶוער זֵיין:

32 אוּנְד פוּן דֶער פַארדָאפְּלוּנְג פוּן דֶעם חָלוֹם צוּ פַּרְעֹה צְווֵייא מָאל, אִיז ווֵייל דִיא זַאךְ אִיז פַארטִיג פוּן גָאט, אוּנְד גָאט אֵיילְט זִיךְ דָאס צוּ טְהוּן:

33 אוּנְד אִיצוּנְד, זָאל זִיךְ פַּרְעֹה אוֹיס־עֶרְווֵיילֶען אֵיין פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶען אוּנְד קְלוּגֶען מַאן, אוּנְד עֶר זָאל אִיהְם זֶעצֶען אִיבֶּער דֶעם לַאנְד פוּן מִצְרַיִם:

34 פַּרְעֹה זָאל אַזוֹי טְהוּן אַז עֶר זָאל זֶעצֶען אוֹיפזֶעהֶער אִיבֶּער דֶעם לַאנְד, אוּנְד עֶר זָאל נֶעמֶען דָאס פִינְפְטֶע טֵייל פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם אִין דִיא זִיבֶּען יָאהְרֶען פוּן זֶעטִיגְקֵייט:

35 אוּנְד זֵייא זָאלֶען אֵיינְזַאמֶעלְן דִיא גַאנְצֶע שְׁפֵּייז פוּן דִיא קוּמֶענְדִיקֶע זִיבֶּען יָאהְרֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען אוֹיפהוֹיפֶען קָארְן אוּנְטֶער דִיא הַאנְד פוּן פַּרְעֹה, אַלְס שְׁפֵּייז אִין דִיא שְׁטֶעט, אוּנְד זֵייא זָאלֶען עֶס הִיטֶען:

36 אוּנְד דִיא שְׁפֵּייז זָאל זֵיין צוּ אֵיין בֶּעהֶעלְטְנִיס צוּ דֶעם לַאנְד פַאר דִיא זִיבֶּען יָאהְר פוּן הוּנְגֶער וָואס וֶועלֶען זֵיין אִים לַאנְד פוּן מִצְרַיִם, אַז דָאס לַאנְד זָאל נִיט פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען אִים הוּנְגֶער:

37 אוּן דִיא זַאךְ אִיז גוּט גֶעוֶועזֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן אַלֶע זֵיינֶע קְנֶעכְט:

38 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט, קֶענֶען מִיר גֶעפִינֶען אֵיין מַאן גְלֵייךְ דֶעם דָאזִיגֶען אִין וֶועלְכֶען גָאט'ס גֵייסְט אִיז?

39 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף, נָאךְ דֶעם אַז גָאט הָאט דִיךְ גֶעמַאכְט ווִיסֶען דָאס אַלֶעס, עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין פֶערשְׁטֶענְדִיגֶער אוּנְד קְלוּגֶער מַאן ווִיא דוּא בִּיסְט!

40 דוּא זָאלְסְט זֵיין אִיבֶּער מֵיין הוֹיז,



אוּנְד

אוּנְד נָאךְ דֵיין מויל נָאךְ זָאל זִיךְ מֵיין גַאנְצֶעס פָאלְק שְׁפַּייזֶען, גֵייעֶרְט אִין דֶעם (קֶענִיגְלִיכֶען) שְׁטוּל װעל אִיךְ זֵיין גְרֶעסֶער פוּן דִיר:

41 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף, זֶעה אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעזֶעצְט אִיבֶּער דָאס גַאנְצֶע לַאנְד פוּן מִצְרַיִם:

42 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט אָפּגֶעטָאן דֶעם רִינְג פוּן זֵיינֶע הַאנְד אוּנְד עֶר הָאט עֶס אָנגֶעטְהוּן אויף דִיא הַאנְד פוּן יוֹסֵף, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אָנגֶעקְלֵיידֶעט אִין פֵּיינֶע לֵיינֶװענְד, אוּנְד עֶר הָאט דִיא גָאלְדֶענֶע קֵייט גֶעלֵייגְט אויף זֵיין הַאלְז:

43 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט רֵייטֶען אויף זֵיין אַנְדֶערֶען רֵייטְוָואגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אויסגֶערוּפֶען פַאר אִיהְם (אַבְרֵךְ), בִּיק דִיא קְנִיא; אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעזֶעצְט אִיבֶּער דָאס גַאנְצֶע לַאנְד פוּן מִצְרַיִם:

44 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף אִיךְ בִּין פַּרְעֹה, אוּנְד אָן דִיר זָאל קֵיין מֶענְשׁ נִיט אויפְהֵייבֶּען זֵיינֶע הַאנְד אָדֶער זֵיין פוּס אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד מִצְרַיִם:

45 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן יוֹסֵף צָפְנַת פַּעְנֵחַ אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אָסְנַת דִיא טָאכְטֶער פוּן פּוֹטִי פֶרַע אַ כֹּהֵן פוּן אֹן, צוּ אַיין װֵייבּ, אוּנְד יוֹסֵף אִיז אַרויסגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:

46 אוּנְד יוֹסֵף אִיז אַלְט גֶעװֶעזֶען דְרֵייסִיג יָאהְר אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר פַּרְעֹה, דֶער קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד יוֹסֵף אִיז אַרויסגֶעגַאנְגֶען פוּן פַאר פַּרְעֹה אוּנְד עֶר אִיז אִיבֶּערגֶעפָארֶען אִיבֶּער דָאס גַאנְצֶע לַאנְד פוּן מִצְרַיִם:

47 אוּנְד דָאס לַאנְד הָאט גֶעמַאכְט װַאקְסֶען אִין דִיא זִיבֶּען זַאטֶע יָאהְרֶען הויפֶע װֵייס:

48 אוּנְד עֶר הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אַלֶע שְׁפַּייז פוּן דִיא זִיבֶּען יָאהְר װָאס זֶענֶען גֶעװֶעזֶען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען דִיא שְׁפַּייז אִין דִיא שְׁטֶעט, דִיא שְׁפַּייז פוּן דֶעם פֶעלְד פוּן דֶער שְׁטָאט, װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען אוּם אִיהְר רִינְגס אַרוּם, הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אִין אִיהְר:

49 אוּנְד יוֹסֵף הָאט אויפגֶעהויפְט קָארְן גְלֵייךְ װִיא דֶער זַאנְד פוּן יַם, זֶעהְר פִיל בִּיז עֶר הָאט אויפגֶעהֶערְט צוּ צֵיילֶען, װֵייל עֶס אִיז קֵיין צָאל גֶעװֶעזֶען:

50 אוּנְד צוּ יוֹסֵף זֶענֶען גֶעבָּארֶען גֶעװָארֶען צְװֵייא זִיהְן, אֵיידֶער דָאס יָאהְר פוּן הוּנְגֶער אִיז גֶעקוּמֶען, װָאס אָסְנַת דִיא טָאכְטֶער פוּן פּוֹטִי פֶרַע כֹּהֵן פוּן אֹן הָאט גֶעבָּארֶען צוּ אִיהְם:

51 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם עֶלְטֶעסְטֶען מְנַשֶּׁה, דֶען גָאט הָאט מִיךְ גֶעמַאכְט פֶערְגֶעסֶען אַלֶע מֵיינֶע מִיהְזֶעלִיגְקֵייט, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע הויז פוּן מֵיין פָאטֶער:

52 אוּנְד דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם צְװֵייטֶען הָאט עֶר גֶערוּפֶען אֶפְרָיִם, דֶען גָאט הָאט מִיךְ פְרוּכְטבַּאר גֶעמַאכְט אִין דֶעם לַאנְד פוּן מֵיינֶע פֵּיין:

53 אוּנְד עֶס זֶענֶען עֶרפִילְט גֶעװָארֶען דִיא זִיבֶּען יָאהְר פוּן זֶעטִיגְקֵייט װָאס זֶענֶען גֶעװֶעזֶען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:

54 אוּנְד דִיא זִיבֶּען יָאהְר פוּן הוּנְגֶער הָאבֶּען אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ קוּמֶען אַזוֹי װִיא יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט, אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אַיין הוּנְגֶער אִין אַלֶע לֶענְדֶער, אָבֶּער אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד פוּן מִצְרַיִם אִיז בְּרוֹיט גֶעװֶעזֶען:

55 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע לַאנְד פוּן מִצְרַיִם הָאט גֶעהוּנְגֶערְט, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעשְׁרִיעֶן צוּ פַּרְעֹה פַאר בְּרוֹיט, אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ גַאנְץ מִצְרַיִם גֶעהְט צוּ יוֹסֵף, אוּנְד וָואס עֶר וֶועט אַייךְ זָאגֶען זָאלְט אִיהְר טְהוּן:

56 אוּנְד דֶער הוּנְגֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד, אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעעֶפֶענְט אַלֶע אוֹצְרוֹת וָואס עֶס אִיז אִין זַייא גֶעוֶועזֶען (קָארְן) אוּנְד עֶר הָאט פֶערְקוֹיפְט צוּ מִצְרַיִם, אוּנְד דֶער הוּנְגֶער הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:

57 אוּנְד דִיא אַלֶע לֶענְדֶער, זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֶען מִצְרַיִם צוּ יוֹסֵף, קָארְן צוּ קוֹיפֶען, ווייל דֶער הוּנְגֶער אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְק אִין אַלֶע לֶענְדֶער:

## קאפיטעל מב

א אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶס אִיז דָא קָארְן אִין מִצְרַיִם, הָאט יַעֲקֹב גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע זִיהְן, צוּ וָואס זָאלְט אִיהְר זִיךְ אַנְאַנְדֶער אָנְקוּקֶען:

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נוּן אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַז עֶס אִיז דָא קָארְן אִין מִצְרַיִם, גֶעהְט אַרָאפּ דָארְט אַהִין אוּנְד קוֹיפְט אוּנְס קָארְן פוּן דָארְטֶען, אַז מִיר זָאלֶען לֶעבֶּען אוּנְד נִיט שְׁטַארְבֶּען:

3 אוּנְד דִיא צֶעהְן בְּרִידֶער פוּן יוֹסֵף זֶענֶען אַרָאפּ גֶעגַאנְגֶען צוּ קוֹיפֶען קָארְן אִין מִצְרַיִם:

4 אָבֶּער דֶעם בִּנְיָמִין דֶער בְּרוּדֶער פוּן יוֹסֵף, הָאט יַעֲקֹב נִיט גֶעשִׁיקְט מִיט זַיינֶע בְּרִידֶער, דֶען עֶר הָאט גֶעזָאגְט פִילֵייכְט וֶועט אִיהְם אַיין אוּמְגְלִיק טְרֶעפֶען:

5 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעקוּמֶען קָארְן צוּ קוֹיפֶען, צְווִישֶׁען דִיא וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען, דֶען דֶער הוּנְגֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם לַאנְד כְּנָעַן:

6 אוּנְד יוֹסֵף, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער גֶעוֶועלְטִיגֶער אִיבֶּער דֶעם לַאנְד, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער קָארְן פֶערְקוֹיפֶער צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד דִיא בְּרִידֶער פוּן יוֹסֵף זֶענֶען גֶע־קוּמֶען אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ אִיהְם מִיט דִיא אָנְגֶעזִיכְטֶער צוּר עֶרְד:

7 אוּנְד וֶוען יוֹסֵף הָאט גֶעזֶעהֶען זַיינֶע בְּרִידֶער, הָאט עֶר זַייא דֶערְקֶענְט, אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ צוּ זַייא גֶעשְׁטֶעלְט פְרֶעמְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט מִיט זַייא הַארְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַייא פוּן וְואוּ קוּמְט אִיהְר? אוּנְד זַייא הָא־בֶּען גֶעזָאגְט, פוּן דֶעם לַאנְד כְּנַעַן צוּ קוֹיפֶען שְׁפֵּייז:

8 אוּנְד יוֹסֵף הָאט דֶערְקֶענְט זַיינֶע בְּרִידֶער, אָבֶּער זַייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט דֶערְקֶענְט:

9 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעדֶענְקְט אָן דִיא חֲלֹמוֹת וָואס עֶר הָאט גֶעחָלוֹמְט אוֹיף זַייא, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיהְר זַייט אוֹיסְזֶעהֶער, אִיהְר זַייט גֶעקוּמֶען אוֹיסְצוּזֶעהֶען דִיא שַׁאנְד פוּן דֶעם לַאנְד:

10 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, נֵיין, מֵיין הַאר, נַייעֶרְט דֵיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ קוֹיפֶען שְׁפֵּייז:

11 מִיר אַלֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן אֵיין מַאן, מִיר זֶענֶען עֶהְרְלִיךְ, דֵיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען נִיט גֶעוֶועזֶען אוֹיסְזֶעהֶער:

12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַייא, נֵיין, נַייעֶרְט דִיא שַׁאנְד פוּן דֶעם לַאנְד זֶענְט אִיהְר גֶעקוּמֶען אוֹיסְצוּזֶעהֶען:

13 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר דֵיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען צְוֶועלְף בְּרִידֶער, דִיא זִיהְן פוּן אֵיין מַאן אִין דֶעם לַאנְד כְּנָעַן, אוּנְד זֶעה, דֶער קְלֶענְסְטֶער אִיז

היינט

הֵיינְט בֵּייא אוּנְזֶער פָאטֶער, אוּנְד דֶער
אֵיינֶער אִיז נִיט דָא:
14 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵייא
דָאס אִיז וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט,
אִיהְר זֵייט אויסזֶעהֶער:
15 מִיט דֶעם דָאזִיגֶען זָאלְט אִיהְר
גֶעפְּרוּפְט וֶוערֶען, בֵּייא דֶעם לֶעבֶּען פוּן
פַּרְעה, אִיהְר זָאלְט נִיט אַרוֹיס גֵיין פוּן
דַאנֶען, בִּיז אֵייעֶר קְלֶענֶערֶער בְּרוּדֶער
וֶועט אַהֶער קוּמֶען!
16 שִׁיקְט אֵיינֶעם פוּן אֵייךְ, אוּנְד עֶר
זָאל בְּרֶענְגֶען אֵייעֶר בְּרוּדֶער אוּנְד אִיהְר
זָאלְט גֶעבּוּנְדֶען וֶוערֶען, אַזוֹי וֶועלֶען
אֵיירֶע וֶוערְטֶער גֶעפְּרוּבְט וֶוערֶען, אוֹיבּ
דִיא וָוארְהֵייט אִיז מִיט אֵייךְ, אוּנְד וֶוען
נִיט, בֵּייא דֶעם לֶעבֶּען פוּן פַּרְעה
אִיהְר זֵייט אויסזֶעהֶער:
17 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַרֵיין גֶעטְהוּן
אִין דִיא הִיטוּנְג דְרֵייא טֶעג:
18 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵייא
אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג, טְהוּט דָאס אוּנְד
לֶעבְּט, דֶען אִיךְ הָאבּ מוֹרָא פַאר גָאט:
19 וֶוען אִיהְר זֵייט אוֹיפְרִיכְטִיג, אַזוֹי
זָאל אֵיינֶער פוּן אֵיירֶע בְּרִידֶער גֶעבּוּנ-
דֶען זֵיין אִין דֶעם הוֹיז פוּן אֵיירֶע הִיטוּנְג
אוּנְד אִיהְר, גֵייט בְּרֶענְגְט קָארְן פַאר
דֶעם הוּנְגֶער פוּן אֵיירֶע הֵייזֶער:
20 אוּנְד אֵייעֶר קְלֶענְסְטֶען בְּרוּדֶער
בְּרֶענְגְט צוּ מִיר, אַזוֹי וֶועלֶען אֵיירֶע
וֶוערְטֶער גֶעגְלוֹיבְּט וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְר
זָאלְט נִיט שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אַזוֹי גֶעטְהוּן:
21 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט אֵיינֶער
צוּם אַנְדֶערֶען, פַארְוָואהְר מִיר זֶענֶען
שוּלְדִיג פוּן וֶועגֶען אוּנְזֶער בְּרוּדֶער, וֶוען
מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס לֵייד פוּן זֵיינֶע
זֵייל אַז עֶר הָאט אוּנְס גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד
מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט, אִיבֶּער דֶעם
אִיז דָאס דָאזִיגֶע לֵייד גֶעקוּמֶען צוּ אוּנְס:
22 אוּנְד רְאוּבֵן הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט
צוּ זָאגֶען, הָאבּ אִיךְ אֵייךְ נִיט גֶעזָאגְט
צוּ זָאגֶען, זִינְדִיגְט נִיט אָן דֶעם קִינְד,
אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט גֶעהֶערְט, אוּנְד
נוּן וֶועט פֶערלַאנְגְט זֵיין בְּלוּט:
23 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעוְויאוּסְט
אַז יוֹסֵף הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען, ווייל עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ דָאלְמֶעטְשֶׁער צְווִישֶׁען זֵייא:
24 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אָפְּגֶעקֶערְט פוּן
זֵייא, אוּנְד עֶר הָאט גֶעוויינְט, אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ ווידֶער גֶעקֶעהְרְט צוּ זֵייא,
אוּנְד עֶר הָאט מִיט זֵייא גֶערֶעט, אוּנְד עֶר
הָאט גֶענוּמֶען פוּן זֵייא שִׁמְעוֹן, אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם גֶעבּוּנְדֶען פַאר זֵיירֶע אוֹיגֶען:
25 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעבָּאטֶען, אַז זֵייא
זָאלֶען אָנְפִּילֶען זֵיירֶע גֶעפֶעס מִיט
קָארְן, אוּנְד צוּרִיק צוּ לֵייגֶען זֵייעֶר
גֶעלְט אִיטְלִיכֶען אִין זֵיין זַאק, אוּנְד צוּ
גֶעבֶּען צוּ זֵייא גֶעהְרוּנְג אוֹיף דֶעם וֶועג,
אוּנְד מֶען הָאט זֵייא אַזוֹי גֶעטְהוּן:
26 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
זֵייעֶר קָארְן אוֹיף זֵיירֶע אֵייזֶעלֶען, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען פוּן דָארְטֶען:
27 אוּנְד דֶער אֵיינֶער הָאט גֶעעֶפֶענְט
זֵיין זַאק צוּ גֶעבֶּען פוּטֶער צוּ זֵיין אֵייזֶעל,
אִין דֶער הֶערבֶּערְג, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזֶעהֶען זֵיין גֶעלְט, אוּנְד נוּן עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען אִין מוֹיל פוּן זֵיין זַאק:
28 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע
בְּרִידֶער, מֵיין גֶעלְט אִיז צוּרִיק גֶעלֵייגְט
גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֶעה עֶס אִיז אוֹיךְ אִין
מֵיין זַאק, אוּנְד זֵייעֶר הַארְץ אִיז אוֹיס־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט מִיט
צִיטֶערְנִים אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען צוּ
זָאגֶען, וָואס אִיז דָאס וָואס גָאט הָאט


צוּ

צוּ אוּנְס גֶעטְהוּן ?

29 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ יַעֲקֹב זֵייעֶר פָאטֶער אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם דֶערְצֵיילְט אַלֶעס וָואס הָאט זִיךְ צוּ זֵייא גֶעטְרָאפֶען, צוּ זָאגֶען :

30 דֶער מַאן דֶער הַאר פוּן דֶעם לַאנְד הָאט גֶערֶעט הַארְט מִיט אוּנְס, אוּנְד עֶר הָאט אוּנְס גֶעהַאלְטֶען גְלֵייךְ וִויא אויסְזֶעהֶער פוּן דֶעם לַאנְד :

31 אוּנְד מִיר הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר זֶענֶען אויפְרִיכְטִיגֶע לֵייט, מִיר זֶענֶען נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיינֶע אויסְזֶעהֶער :

32 מִיר זֶענֶען צְוֶועלְף בְּרִידֶער, דִיא זִיהְן פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער, דֶער אֵיינֶער אִיז נִיט דָא, אוּנְד דֶער קְלֶענְסְטֶער אִיז הֵיינְט מִיט אוּנְזֶער פָאטֶער אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן :

33 אוּנְד דֶער מַאן, דֶער הַאר פוּן דֶעם לַאנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אוּנְס, מִיט דֶעם וֶועל אִיךְ וִויסֶען אַז אִיהְר זֵייט אויפְרִיכְ־טִיג, לָאזְט אֵיינֶעם פוּן אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער מִיט מִיר, אוּנְד נֶעמְט פַאר דֶעם הוּנְ־גֶער פוּן אֵייעֶרֶע הֵייזֶער אוּנְד גֶעהְט :

34 אוּנְד בְּרֶענְגְט אֵייעֶר קְלֶענְסְטֶען בְּרוּדֶער צוּ מִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל וִויסֶען אַז אִיהְר זֵייט נִיט קֵיינֶע אויסְזֶעהֶער נֵייעֶרְט אִיהְר זֵייט אויפְרִיכְטִיגֶע לֵייט, אֵייעֶר בְּרוּדֶער וֶועל אִיךְ אֵייךְ גֶעבֶּען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט הַאנְדְלֶען אִין דֶעם לַאנְד :

35 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז זֵייא הָאבֶּען אויסְגֶעלֵיידִיגְט זֵיירֶע זֶעק, אוּנְד זֶעה, אִיטְלִיכֶער הָאט גֶעהַאט זֵיין בִּינְדֶעל גֶעלְט אִין זֵיין זַאק, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דִיא בִּינְדֶלֶעךְ פוּן זֵייעֶר גֶעלְט זֵייא אוּנְד זֵייעֶר פָאטֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארכְטֶען :

36 אוּנְד יַעֲקֹב זֵייעֶר פָאטֶער הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵייא, אִיר הָאט מִיךְ בֶּערוֹיבְּט פוּן קִינְדֶער, יוֹסֵף אִיז נִיט דָא, אוּנְד שִׁמְעוֹן אִיז נִיט דָא, אוּנְד דֶעם בִּנְיָמִין ווילְט אִיהְר נֶעמֶען, דָאס אַלֶעס קוּמְט אויף מִיר :

37 אוּנְד רְאוּבֵן הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיין פָאטֶער, דוּא זָאלְסְט טוֹיטֶען מֵיינֶע צְווייא קִינְדֶער, וֶוען אִיךְ וֶועל אִיהְם נִיט בְּרֶענְ־גֶען צוּ דִיר, גִיבּ אִיהְם אִין מֵיינֶע הַאנְד אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם צוּרִיק בְּרֶענְגֶען צוּ דִיר :

38 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין זוּהְן זָאל נִיט אַרָאפּ גֵיין מִיט אֵייךְ, דֶען זֵיין בְּרוּדֶער אִיז טוֹיט, אוּנְד עֶר אִיז אַלֵיין אִיבֶּער גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד אֵיין אוּמְגְלִיק קֶען אִיהְם טְרֶעפֶען אויף דֶעם וֶועג וָואס אִיהְר וֶועט דַארוֹיף גֵיין, אַזוֹי וֶועט אִיהְר מַאכֶען נִידֶערֶען מֵיינֶע עֶלְטֶער מִיט טְרוֹיעֶרִיגְקֵייט צוּ דֶער גְרוּבּ :

## קאפיטעל מג

א דֶער הוּנְגֶער אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁוֶוער אִין דֶעם לַאנְד :

2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז זֵייא הָאבֶּען פוּלֶענְדְט צוּ עֶסֶען דָאס קָארְן וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרֶענְגְט פוּן מִצְרַיִם, אַזוֹי הָאט זֵייעֶר פָאטֶער צוּא זֵייא גֶעזָאגְט, קֶעהְרְט ווידֶער, קוֹיפְט פַאר אוּנְס אֵיין בִּיסֶעל שְׁפֵּייז :

3 אוּנְד יְהוּדָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם צוּ זָאגֶען, דֶער מַאן הָאט אוּנְס גֶעוָוא־רֶענְט צוּ זָאגֶען אִיהְר זָאלְט נִיט זֶעהֶען מֵיין אָנְגֶעזִיכְט, עֶס זֵייא דֶען אֵייעֶר בְּרוּדֶער אִיז מִיט אֵייךְ :

4 וֶוען דוּא וֶועסְט שִׁיקֶען אוּנְזֶער בְּרוּדֶער מִיט אוּנְס, וֶועלֶען מִיר אַרָאפּ גֵיין אוּנְד מִיר וֶועלֶען קוֹיפֶען שְׁפֵּייז פַאר דִיר :

5 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט שִׁיקֶען

וועלען

וֶועלֶען מִיר נִיט אַרָאפְּגֵיין, וֵוייל דֶער
מַאן הָאט צוּ אוּנְס גֶעזָאגְט, אִיהְר זָאלְט
נִיט זֶעהֶען מֵיין אָנְגֶעזִיכְט, סַיידֶען אֵייעֶר
בְּרוּדֶער אִיז מִיט אֵייך:
6 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט, פַאר
וָואס הָאט אִיהְר מִיר שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן,
צוּ זָאגֶען צוּ דֶעם מַאן אַז אִיהְר הָאט
נָאךְ אַ בְּרוּדֶער:
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֶער מַאן
הָאט גֶעפְרֶעגְט נָאךְ אוּנְס אוּנְד נָאךְ
אוּנְזֶער גֶעשְׁלֶעכְט, צוּ זָאגֶען, לֶעבְּט נָאךְ
אֵייעֶר פָאטֶער? הָאט אִיהְר אֵיין בְּרוּדֶער?
אוּנְד מִיר הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט צוּ אִיהְם
לוֹיט דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער, הָאבֶּען מִיר
דֶען גֶעקֶענְט וִויסֶען אַז עֶר וֶועט זָאגֶען
בְּרֶענְגְט אַרָאפּ אֵייעֶר בְּרוּדֶער:
8 אוּנְד יְהוּדָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יִשְׂרָאֵל
זֵיין פָאטֶער, שִׁיק דֶעם יוּנְג מִיט מִיר,
אוּנְד מִיר וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד מִיר
וֶועלֶען גֵיין, אַז מִיר זָאלֶען לֶעבֶּען
אוּנְד מִיר זָאלֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען, אוֹיךְ
מִיר, אוֹיךְ דוּא, אוֹיךְ אוּנְזֶערֶע קְלֵיינֶע
קִינְדֶער:
9 אִיךְ וֶועל עָרֵב זֵיין פַאר אִיהְם, פוּן
מֵיין הַאנְד זָאלְסְטוּ אִיהְם פָאדֶערֶען, וֶוען
אִיךְ זָאל אִיהְם נִיט צוּרִיק בְּרֶענְגֶען צוּ
דִיר אוּנְד אִיהְם שְׁטֶעלֶען פַאר דִיר, אַזוֹי
הָאבּ אִיךְ גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען דִיר אַלֶע טֶעג:
10 דֶען וֶוען מִיר וָואלְטֶען זִיךְ נִיט
פֶערְזוֹימְט, וָואלְטֶען מִיר אַצוּנְד שׁוֹין
צְוֵייא מָאל צוּרִיקְגֶעוֶועזֶען:
11 אוּנְד יִשְׂרָאֵל זֵייעֶר פָאטֶער הָאט
גֶעזָאגְט צוּ זֵייא, וֶוען עֶס נוּן אַזוֹי אִיז,
טְהוּט דָאס דָאזִיגֶע, נֶעמְט פוּן דֶער
פְרוּכְט פוּם לַאנְד אִין אֵיירֶע גֶעפֶעס
אוּנְד בְּרֶענְגְט אַרָאפּ אַ מַתָּנָה צוּ דֶעם
מַאן, אֵיין בִּיסֶעל בַּאלְזַאם אוּנְד אֵין
בִּיסֶעל הָאנִיג, גֶעווִירְץ, אוּנְד לָאדָאנוּם
דַאטְלֶען אוּנְד מַאנְדְלֶען:
12 אוּנְד נֶעמְט דָאפֶּעלְט גֶעלְט אִין
אֵיירֶע הֶענְד, אוּנְד דָאס גֶעלְט וָואס
אִיז צוּרִיקְגֶעלֵייגְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם
מוֹיל פוּן אֵיירֶע זֶעק זָאלְט אִיהְר צוּ־
רִיק בְּרֶענְגֶען אִין אֵיירֶע הֶענְד, פִילֵייכְט
אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען אַ טָעוּת:
13 אוּנְד נֶעמְט אֵייעֶר בְּרוּדֶער, אוּנְד
שְׁטֶעהְט אוֹיף אוּנְד קֶערְט צוּרִיק צוּ
דֶעם מַאן:
14 אוּנְד דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט זָאל
אֵייךְ גֶעבֶּען בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט פַאר
דֶעם מַאן, אַז עֶר זָאל שִׁיקֶען מִיט אֵייךְ
אֵייעֶר אַנְדֶערֶען בְּרוּדֶער, אוּנְד דֶעם
בִּנְיָמִין, אוּנְד אִיךְ, וֶוען אִיךְ בִּין בֶּעַ־
רוֹיבְּט פוּן קִינְדֶער אַזוֹי בִּין אִיךְ בֶּערוֹיבְּט:
15 אוּנְד דִיא מֶענֶער הָאבֶּען גֶענוּמֶען
דִיא דָאזִיגֶע מַתָּנָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶענוּמֶען דָאפֶּעלְט גֶעלְט אִין זֵיירֶע הֶענְד,
אוּנְד דֶעם בִּנְיָמִין, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרָאפּ
גֶעגַאנְגֶען נָאךְ מִצְרַיִם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פַאר יוֹסֵף:
16 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזֶעהֶען מִיט זֵייא
דֶעם בִּנְיָמִין, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דֶעם וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער זֵיין
הוֹיז, בְּרֶענְג דִיא מֶענֶער אִין דֶעם הוֹיז
אַרֵיין, אוּנְד שֶׁעכְט אֵיינֶע שֶׁעכְטוּנְג,
אוּנְד מַאךְ פֶערְטִיג, דֶען דִיא מֶענֶער
זָאלֶען מִיט מִיר צוּ מִיטָאג עֶסֶען:
17 אוּנְד דֶער מַאן הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי
וִוִיא יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט, אוּנְד דֶער מַאן
הָאט אַרֵיין גֶעבְּרַאכְט דִיא מֶענֶער אִין
דֶעם הוֹיז פוּן יוֹסֵף:
18 אוּנְד דִיא מֶענֶער הָאבֶּען זִיךְ גֶעפַ־
אַרכְטֶען, וֵוייל זֵייא זֶענֶען אַרֵיין גֶעבְּרַאכְט

גֶעוָוארֶען אִין דֶעם הויז פוּן יוֹסֵף אַרַיין אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, פוּן וֶועגֶען דֶעם גֶעלְט וָואס אִיז צוּרִיק גֶעלֵייגְט גֶעוָוארֶען אִין אוּנְזֶערֶע זֶעק אִין אָנְפַאנְג, זֶענֶען מִיר אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען, זִיךְ אַרוֹיפְצוּוַוארְפֶען אוֹיף אוּנְס, אוּנְד אוּנְס צוּ אִיבֶּערְפַאלֶען, אוּנְד אוּנְס צוּ נֶעמֶען צוּ קְנֶעכְט, אוּנְד אוּנְזֶערֶע אֵייזֶעלְן:

19 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ דֶעם מַאן וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דֶעם הויז פוּן יוֹסֵף, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערֶעט צוּ אִיהְם בַּייא דֶער טִיר פוּן דֶעם הויז:

20 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט מֵיין הַאר, מִיר זֶענֶען אַרָאפּ גֶעקוּמֶען אִין אָנְפַאנְג צוּ קוֹיפֶען שְׁפֵּייז:

21 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶער הֶערְבֶּערְג אַזוֹי הָאבֶּען מִיר גֶעעֶפֶענְט אוּנְזֶערֶע זֶעק, אוּנְד נוּן דָאס גֶעלְט פוּן אִיטְלִיכֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אִים מוֹיל פוּן זַיין זַאק, אוּנְזֶער גֶעלְט מִיט זַיין גֶעווִיכְט, אוּנְד מִיר הָאבֶּען עֶס צוּרִיק גֶעבְּרַאכְט אִין אוּנְזֶערֶע הֶענְד:

22 אוּנְד אַנְדֶערֶעס גֶעלְט הָאבֶּען מִיר אַרָאפְּגֶעבְּרַאכְט אִין אוּנְזֶערֶע הֶענְד צוּ קוֹיפֶען שְׁפֵּייז, מִיר ווִיסֶען נִיט וֶוער הָאט גֶעלֵייגְט אוּנְזֶער גֶעלְט אִין אוּנְזֶערֶע זֶעק:

23 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פְרִידֶען צוּ אֵייךְ, פָארכְט אֵייךְ נִיט, אֵייעֶר גָאט אוּנְד דֶער גָאט פוּן אֵייעֶרֶע פֶעטֶער, הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ אֵייךְ אֵיין אוֹצָר אִין אֵייעֶרֶע זֶעק, אֵייעֶר גֶעלְט אִיז אָנְגֶעקוּמֶען צוּ מִיר, אוּנְד עֶר הָאט דֶעם שִׁמְעוֹן אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט צוּ זַייא:

24 אוּנְד דֶער מַאן הָאט גֶעבְּרַאכְט דִיא מֶענֶער אִין דֶעם הויז פוּן יוֹסֵף, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעגֶעבֶּען וַואסֶער, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעוַואשֶׁען זַיירֶע פִּיס, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען פוּטֶער צוּ זַיירֶע אֵייזֶעלְן:

25 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעגְרֵייט דִיא מַתָּנָה בִּיז יוֹסֵף וֶועט קוּמֶען צוּ מִיטָאג, דֶען זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז זַייא וֶועלֶען דָארְטֶען בְּרוֹיט עֶסֶען:

26 אוּנְד יוֹסֵף אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם הויז, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט דִיא מַתָּנָה, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין זַיירֶע הֶענְד, אִין דֶעם הויז אַרַיין, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ אִיהְם צוּ דֶער עֶרְד:

27 אוּנְד עֶר הָאט גֶעפְרֶעגְט נָאךְ זַייעֶר פְרִידֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיז פְרִידֶען צוּ אֵייעֶרֶען אַלְטֶען פָאטֶער, וָואס אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט, לֶעבְּט עֶר נָאךְ?

28 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט עֶס אִיז פְרִידֶען צוּ דֵיין קְנֶעכְט אוּנְזֶער פָאטֶער, עֶר לֶעבְּט נָאךְ, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענֵייגְט אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט:

29 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע אוֹיגֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם בִּנְיָמִין זַיין בְּרוּדֶער, דֶער זוּהְן פוּן זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיז דֶער דָאזִיגֶער אֵייעֶר קְלֶענְסְטֶער בְּרוּדֶער, וָואס אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט צוּ מִיר? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גָאט זָאל דִיךְ בֶּעגְנֶעדִיגֶען מֵיין זוּהְן:

30 אוּנְד יוֹסֵף הָאט זִיךְ גֶעאֵיילְט, ווייל זַיינֶע בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייטֶען הָאבֶּען זִיךְ אִין אִיהְם דֶערְהִיצְט אִיבֶּער זַיינֶעם בְּרוּדֶער, אוּנְד עֶר הָאט בֶּעגֶעהְרְט צוּ וויינֶען, אוּנְד עֶר אִיז אַרַיין גֶעגַאנְגֶען אִים צִימֶער אוּנְד עֶר הָאט דָארְטֶען גֶעווֵיינְט:

31 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעוַואשֶׁען זַיין

אָנְגֶעזִיכְט, אוּנְד עֶר אִיז אַרויסגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אײנגֶעהַאלְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גִיבְּט אַהֶער בְּרוֹיט:

32 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעגֶעבֶּען צוּ אִיהְם בֶּעזוּנְדֶער אוּנְד צוּ זֵייא בֶּעזוּנְדֶער, אוּנְד צוּ דִיא מִצְרִים וָואס הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען מִיט אִיהְם בֶּעזוּנְדֶער, וֵוייל דִיא מִצְרִים הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט עֶסֶען בְּרוֹיט מִיט דִיא עִבְרִים, וֵוייל עֶס אִיז אֵיינֶע אוּנְוִוירְדִיגְקֵייט צוּ דִיא מִצְרַיִים:

33 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעזֶעסֶען פָאר אִיהְם, דֶער עֶלְטֶערֶער נָאךְ זֵיין עֶלְטֶער, אוּנְד דֶער יִנְגֶערֶער נָאךְ זֵיינֶע יוּגֶענְד נָאךְ, אוּנְד דִיא מֶענֶער הָאבֶּען זִיךְ פֶּערְוִואוּנְדֶערְט אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען:

34 אוּנְד מֶען הָאט גֶעטְרָאגֶען גָאבֶּען, פוּן פָאר אִיהְם צוּ זֵייא, אוּנְד דָאס טֵייל פוּן בִּנְיָמִין אִיז מֶעהְר גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא טֵיילֶע פוּן זֵייא אַלֶע פִינְף מָאל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעשִׁיכֶּערְט בֵּייא אִיהְם:

## קאפּיטעל מד

א אוּנְד עֶר הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער זֵיין הויז, צוּ זָאגֶען, פִיל אָן דִיא זֶעק פוּן דִיא מֶענֶער מִיט שְׁפֵּייז, אַזוֹי פִיל אַז זֵייא קֶענֶען טְרָאגֶען, אוּנְד לֵייג דָאס גֶעלְט פוּן אִיטְלִיכֶען מַאן אִין מוֹיל פוּן זֵיין זַאק:

2 אוּנְד מֵיין בֶּעכֶער, דֶעם זִילְבֶּערְנֶעם בֶּעכֶער זָאלְסְטוּ לֵייגֶען אִים מוֹיל פוּן זַאק פוּן דֶעם קְלֶענְסְטֶען, אוּנְד דָאס גֶעלְט פוּן זֵיין קָארְן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא דָאס וָוארְט פוּן יוֹסֵף וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט:

3 אִין דֶעם מָארְגֶען אַז עֶס אִיז לִיכְטִיג גֶעוָוארֶען זֶענֶען דִיא מֶענֶער אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען, זֵייא אוּנְד זֵיירֶע אֵייזֶעלְן:

4 זֵייא זֶענֶען אַרויסגֶעגַאנְגֶען פוּן דִיא שְׁטָאט, זֵייא זֶענֶען נִיט וֵוייט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער זֵיין הויז, שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד יָאג נָאךְ דִיא מֶענֶער, אוּנְד אַזוֹי בַּאלְד אַז דוּא וֶועסְט זֵייא גְרֵייכֶען זָאלְסְטוּ זָאגֶען צוּ זֵייא, פַאר וָואס הָאט אִיהְר בֵּייז גֶעצָאלְט אָנְשְׁטָאט גוּטֶעס?

5 פַארְוָואהְר, דֶער דָאזִיגֶער אִיז וָואס מֵיין הַאר טְרִינְקְט אוֹיס אִיהְם, אוּנְד עֶר וָואהְרְזָאגְט מִיט אִיהְם, עֶס אִיז שְׁלֶעכְט וָואס אִיהְר הָאט גֶעטְהוּן:

6 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא עֶרגְרֵייכְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ זֵייא דִיזֶע וֶוערְטֶער:

7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם, פַאר וָואס זָאל מֵיין הַאר רֶעדֶען וִויא דִיזֶע וֶוערְטֶער, עֶס זָאל פֶּערְמִיטֶען זֵיין פוּן דֵיינֶע קְנֶעכְט צוּ טְהוּן אַזאַ זַאךְ:

8 נוּן דָאס גֶעלְט וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעפוּנֶען אִין דֶעם מוֹיל פוּן אוּנְזֶערֶע זֶעק הָאבֶּען מִיר צוּרִיק גֶעבְּרַאכְט צוּ דִיר פוּן דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, אוּנְד וִויא אַזוֹי זָאלֶען מִיר גַאנְבֶענֶען גָאלְד אָדֶער זִילְבֶּער פוּן דֶעם הויז פוּן דֵיין הַאר:

9 בֵּייא וֶועמֶען עֶס זָאל גֶעפוּנֶען וֶוערֶען פוּן דֵיינֶע קְנֶעכְט דֶער זָאל שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד מִיר זָאלֶען זֵיין צוּ מֵיין הַאר צוּ קְנֶעכְט:

10 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט נוּן אַצוּנְד גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אֵיירֶע וֶוערְטֶער זָאל זֵיין, בֵּייא וֶועלְכֶען עֶס וֶועט גֶעפוּנֶען וֶוערֶען דֶער זָאל זֵיין אַ קְנֶעכְט צוּ מִיר, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵיין רֵיין:

11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעאֵיילְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרָאפּ גֶעלֵייגְט יֶעדֶערֶער זֵיין זַאק צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶפֶענְט אִיטְלִיכֶער זֵיין זַאק:



אונד

12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזוּכְט, בַּייא דֶעם גְרֶעסֶערֶען הָאט עֶר אָנְגֶעפַאנְגֶען, אוּנְד בַּייא דֶעם קְלֶענְסְטֶען הָאט אויסגֶעלָאזֶען, אוּנְד דֶער בֶּעכֶער אִיז גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם זַאק פוּן בִּנְיָמִין:

13 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּרִיסֶען זַיירֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד אִיטְלִיכֶער הָאט אָנְגֶעלָאדֶען זַיין אֵייזֶעל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶערְט אִין דֶער שְׁטָאט:

14 אוּנְד יְהוּדָה אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער, אִין דֶעם הויז פוּן יוֹסֵף, אוּנְד עֶר אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען דָארְטֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעפַאלֶען פַאר אִיהְם אויף דֶער עֶרְד:

15 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַייא, וָואס אִיז דָאס דָאזִיגֶע וֶוערְק וָואס אִיהְר הָאט גֶעטְהוּן, הָאט אִיהְר נִיט גֶעוְואוּסְט אַז אֵיין מַאן וִויא אִיךְ קֶען גֶעוִויס וָוארְזָאגֶען?

16 אוּנְד יְהוּדָה הָאט גֶעזָאגְט, וָואס זָאלֶען מִיר זָאגֶען צוּ מֵיין הַאר? וָואס זָאלֶען מִיר רֵיידֶען? אוּנְד מִיט וָואס זָאלֶען מִיר זִיךְ רֶעכְטְפֶארְטִיגֶען? גָאט הָאט גֶעפוּנֶען דִיא זִינְדֶע פוּן דֵיינֶע קְנֶעכְט, נוּן מִיר זֶענֶען קְנֶעכְט צוּ מֵיינֶעם הַאר, מִיר אוּנְד אויךְ דֶער וָואס דֶער בֶּעכֶער אִיז גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען אִין זַיין הַאנְד:

17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, עֶס זַייא פֶערְמִיטֶען פוּן מִיר צוּ טְהוּן דָאס, דֶער מַאן וָואס דֶער בֶּעכֶער אִיז גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען אִין זַיין הַאנְד, דֶער זָאל זַיין צוּ מִיר אַ קְנֶעכְט, אוּנְד אִיהְר גֵייט אַרויף אִין פְרִידֶען צוּ אֵייעֶר פָאטֶער:

ויגש

18 אוּנְד יְהוּדָה הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ אִיהְם אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט מֵיין הַאר, נוּן דֵיין קְנֶעכְט זָאל רֶעדֶען אַ וָוארְט אִין דִיא אוירֶען פוּן מֵיין הַאר, אוּנְד דֵיין צָארְן זָאל נִיט דֶערְגְרִימֶען אִיבֶּער דֵיין קְנֶעכְט, דֶען דוּא בִּיסְט גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא פַּרְעֹה:

19 מֵיין הַאר הָאט גֶעפְרֶעגְט זַיינֶע קְנֶעכְט צוּזָאגֶען, הָאט אִיהְר אֵיין פָאטֶער אָדֶער אֵיין בְּרוּדֶער:

20 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ מֵיין הַאר מִיר הָאבֶּען אֵיין אַלְטֶען פָאטֶער, אוּנְד אֵיין קְלֵיין קִינְד גֶעבּוֹירֶען אִין זַיין עֶלְטֶער, אוּנְד זַיין בְּרוּדֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד עֶר אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין פוּן זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד זַיין פָאטֶער הָאט אִיהְם לִיבּ:

21 אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט, בְּרֶענְגְט אִיהְם אַרָאפּ צוּ מִיר אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם אָנְקוּקֶען:

22 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ מֵיין הַאר, דֶער יוּנְג קֶען נִיט פֶערלָאזֶען זַיין פָאטֶער, וָוארִין וֶוען עֶר וֶועט פֶערלָאזֶען זַיין פָאטֶער אַזוֹי וֶועט עֶר שְׁטַארְבֶּען:

23 אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט, וֶוען אֵייעֶר קְלֶענְסְטֶער בְּרוּדֶער וֶועט נִיט אַרָאפּקוּמֶען מִיט אֵייךְ זָאלְט אִיהְר נִיט מֶעהְרֶען צוּ זֶעהֶען מֵיין אָנְגֶעזִיכְט:

24 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז מִיר זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֵיין קְנֶעכְט מֵיין פָאטֶער, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר אִיהְם דֶערְצֵיילְט דִיא וֶוערְטֶער פוּן מֵיין הַאר:

25 אוּנְד אוּנְזֶער פָאטֶער הָאט גֶעזָאגְט, קֶעהְרְט צוּרִיק אוּנְד קוֹיפְט אוּנְס אַ בִּיסֶעל שְׁפֵּייז:

26 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר קֶענֶען נִיט אַרָאפְּגֵיין, וֶוען אוּנְזֶער קְלֶענְסְטֶער בְּרוּדֶער אִיז מִיט אוּנְס, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אַרָאפְּגֵיין דֶען מִיר קֶענֶען נִיט זֶעהֶען דָאס אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶעם

מַאן װֶען אוּנְזֶער קְלֶענְסְטֶער בְּרוּדֶער
אִיז נִיט מִיט אוּנְס:
27 אוּנְד דֵיין קְנֶעכְט מֵיין פָאטֶער הָאט
גֶעזָאגְט צוּ אוּנְס, אִיהְר װֵייסְט אַז מֵיין
װייב הָאט מִיר צְװֵייא, גֶעװָאוּנֶען:
28 אוּנְד דֶער אֵיינֶער אִיז אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען פוּן מִיר אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט
פַארְוָואהְר עֶר אִיז פֶערְצוּקְט גֶעוָוארֶען,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם נִיט גֶעזֶעהֶען
בִּיז יֶעצְט:
29 אוּנְד אִיהְר װִילְט אוֹיךְ דֶעם נֶעמֶען
פוּן מִיר, אוּנְד אַ שָׁאדֶען קֶען אִיהְם טְרֶע־
פֶען אַזוֹי װֶעט אִיהְר אַרָאפְּבְּרִינְגֶען מֵיין
עֶלְטֶער מִיט שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אִין דִיא גְרוּבּ:
30 אוּנְד אַצוּנְד װֶען אִיךְ זָאל קוּמֶען
צוּ מֵיין פָאטֶער, דֵיין קְנֶעכְט, אוּנְד דֶער
יוּנְג אִיז נִיט מִיט אוּנְס, װָארִין זֵיינֶע
נְשָׁמָה אִיז פֶערְבּוּנְדֶען אִין זֵיינֶע נְשָׁמָה:
31 אוּנְד עֶס װֶעט זֵיין אַז עֶר װֶעט
זֶעהֶען אַז דֶער יוּנְג אִיז נִיט דָא אַזוֹי
װֶעט עֶר שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דֵיינֶע קְנֶעכְט
װֶעלֶען אַרָאפְּבְּרִינְגֶען דָאס עֶלְטֶער פוּן
אוּנְזֶער פָאטֶער דֵיין קְנֶעכְט, מִיט טְרוֹי־
רִיגְקֵייט אִין דִיא גְרוּבּ:
32 דֶען דֵיין קְנֶעכְט אִיז אֵיין עָרֵב
פַאר דֶעם יוּנְג בֵּייא מֵיין פָאטֶער צוּ זָאגֶען,
װֶען אִיךְ װֶעל אִיהְם נִיט בְּרֶענְגֶען צוּ
דִיר אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען
מֵיין פָאטֶער אַלֶע דִיא טֶעג:
33 אוּנְד אַצוּנְד אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לָאז
דֵיין קְנֶעכְט בְּלֵייבֶּען אָנְשְׁטָאט פוּן דֶעם
יוּנְגֶע אַלְס קְנֶעכְט צוּ מֵיין הַאר, אוּנְד
לָאז דֶער יוּנְג אַרוֹיפְגֵיין מִיט זֵיינֶע
בְּרִידֶער:
34 דֶען װִיא זָאל אִיךְ אַרוֹיפְגֵיין צוּ
מֵיין פָאטֶער, אוּנְד דֶער יוּנְג אִיז נִיט מִיט
מִיר, פִילֵייכְט װֶעל אִיךְ זֶעהֶען דָאס
אוּמְגְלִיק וָואס וָועט טְרֶעפֶען מֵיין פָאטֶער:

קאפיטל מה

א אוּנְד יוֹסֵף הָאט זִיךְ נִיט גֶעקֶענְט
אֵיינְהַאלְטֶען פַאר אַלֶע דִיא וָואס זֶענֶען
גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט
גֶערוּפֶען, גֵייט אַרוֹיס יֶעדֶער מַאן פוּן
מִיר, אוּנְד עֶס אִיז קֵיין מַאן שְׁטֵיין
גֶעבְּלִיבֶּען מִיט אִיהְם װֶען יוֹסֵף הָאט
זִיךְ גֶעלָאזְט דֶערְקֶענֶען צוּ זֵיינֶע בְּרִידֶער:
2 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיין
קוֹל מִיט װֵיינֶען, אוּנְד דִיא מִצְרִים הָאבֶּען
עֶס גֶעהֶערְט אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
פַּרְעֹה הָאט עֶס גֶעהֶערְט:
3 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע
בְּרִידֶער, אִיךְ בִּין יוֹסֵף. לֶעבְּט נָאךְ
מֵיין פָאטֶער, אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען
אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט עֶנְטְפֶערֶען דֶען זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען פַאר אִיהְם:
4 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע
בְּרִידֶער גֶענֶעהֶנְט צוּ מִיר אִיךְ בֶּעט
אֵייךְ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהֶנְט,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין יוֹסֵף
אֵייעֶר בְּרוּדֶער וָואס אִיהְר הָאט מִיךְ
פֶערְקוֹיפְט נָאךְ מִצְרַיִם:
5 אוּנְד אַצוּנְד זֵייט נִיט טְרוֹיעֶרִיג אוּנְד
לָאז אִין אֵיירֶע אוֹיגֶען נִיט פֶערְדְרִיסֶען
אַז אִיהְר הָאט מִיךְ אַהֶער פֶערְקוֹיפְט,
דֶען גָאט הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט אֵייךְ אַם
לֶעבֶּען צוּ עֶרְהַאלְטֶען:
6 דֶען עֶס אִיז שׁוֹין צְװֵייא יָאהְר פוּן
דֶעם הוּנְגֶער אִין דֶעם לַאנְד, אוּנְד עֶס
זֶענֶען נָאךְ פִינְף יָאהְר אַז קֵיין אַקֶער
אוּנְד קֵיין שְׁנִיט װֶעט נִיט זֵיין:
7 אוּנְד גָאט הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט פַאר
אֵייךְ, צוּ מַאכֶען צוּ אֵייךְ אֵיין אִיבֶּער־
בְּלֵייבּוּנְג אִין דֶעם לַאנְד, אוּנְד אֵייךְ
לָאזֶען לֶעבֶּען צוּ אַ גְרוֹיסֶע עֶנְטְרִינוּנְג:

8 אוּנְד אַצוּנְד, אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט אַהֶערגֶעשִׁיקְט, נֵייעֶרְט גָאט, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעמַאכְט צוּ אֵיין פָאטֶער צוּ פַּרְעֹה, אוּנְד צוּ אֵיין הַאר אִיבֶּער זֵיין גַאנְץ הויז, אוּנְד אַ גֶעוֶועלְטִיגֶער אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד פוּן מִצְרָיִם:

9 אֵיילְט אֵייךְ אוּנְד גֵייט אַרוֹיף צוּ מֵיין פָאטֶער, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זָאגֶען צוּ אִיהְם, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֵיין זוּהְן יוֹסֵף, גָאט הָאט מִיךְ גֶעמַאכְט צוּ אֵיין הַאר אִיבֶּער גַאנְץ מִצְרַיִם, קוּם אַרָאפּ צוּ מִיר, דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט זוֹימֶען:

10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ בֶּעזֶעצֶען אִין דֶעם לַאנְד גֹּשֶׁן אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵיין נָאהֶענְט צוּ מִיר, דוּא אוּנְד דֵיינֶע קִינְדֶער אוּנְד דֵיינֶע קִינְדֶעסקִינְדֶער, אוּנְד דֵיינֶע שָׁאף אוּנְד דֵיינֶע רִינְדֶער אוּנְד אַלֶעס וָואס דוּא הָאסְט:

11 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ דָארְט שְׁפֵּייזֶען דֶען עֶס זֶענֶען נָאךְ פִינְף יָאהְר פוּן דֶעם הוּנְגֶער, פִילֵייכְט וֶועט אִיהְר פֶערָאָרֶעמְט וֶוערֶען דוּא אוּנְד דֵיין הויז אוּנְד אַלֶעס וָואס דוּא הָאסְט:

12 אוּנְד נוּן אֵיירֶע אוֹיגֶען זֶעהֶען, אוּנְד דִיא אוֹיגֶען פוּן מַיין בְּרוּדֶער בִּנְיָמִין, אַז מֵיין מוֹיל רֶעט מִיט אֵייךְ:

13 אוּנְד אִיהְר זָאלְט דֶערְצֵיילֶען מֵיין פָאטֶער אַלֶע מֵיינֶע הֶערלִיכְקֵייט אִין מִצְרַיִם, אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד אֵיילְט אֵייךְ אוּנְד בְּרֶענְגְט אַרָאפּ מֵיין פָאטֶער:

14 אוּנְד עֶר אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶעם הַאלְז פוּן בִּנְיָמִין זֵיין בְּרוּדֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעוֵויינְט, אוּנְד בִּנְיָמִין הָאט גֶעוֵויינְט אוֹיף זֵיין הַאלְז:

15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעקוּשְׁט אַלֶע זֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעוֵויינְט אוֹיף זֵייא, אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאבֶּען זֵיינֶע בְּרִידֶער גֶערֶעט מִיט אִיהְם:

16 אוּנְד דָאס קוֹל אִיז גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם הויז פוּן פַּרְעֹה, צוּ זָאגֶען, דִיא בְּרִידֶער פוּן יוֹסֵף זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶס אִיז גוּט גֶעוֶועזֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן פַּרְעֹה אוּנְד אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן זֵיינֶע קְנֶעכְט:

17 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף זָאג צוּ דֵיינֶע בְּרִידֶער, טְהוּט דִיזֶעס, לָאדֶעט אָן אֵייעֶר פִיךְ אוּנְד גֵייט קוּמְט צוּ דֶעם לַאנְד כְּנָעַן:

18 אוּנְד נֶעמְט אֵייעֶר פָאטֶער אוּנְד אֵייעֶר הויזְגֶעזִינְד אוּנְד קוּמְט צוּ מִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען צוּ אֵייךְ דָאס גוּטֶע פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד אִיהְר זָאלְט עֶסֶען פוּן דִיא פֶעטִיגְקֵייט פוּן דֶעם לַאנְד:

19 אוּנְד דוּא בִּיסְט גֶעבָּאטֶען גֶעוָוארֶען, טְהוּט דִיזֶעס, נֶעמְט צוּ אֵייךְ פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם וֶועגֶען פַאר אֵיירֶע קִינְדֶער אוּנְד פַאר אֵיירֶע וֵוייבֶּער, אוּנְד אִיהְר זָאלְט טְרָאגֶען אֵייעֶר פָאטֶער אוּנְד אִיהְר זָאלְט קוּמֶען:

20 אוּנְד אֵיירֶע אוֹיגֶען זָאלֶען נִיט שׁוֹינֶען אִיבֶּער אֵיירֶע כֵּלִים, דֶען דָאס גוּטֶע פוּן דֶעם גַאנְצֶע לַאנְד מִצְרַיִם אִיז צוּ אֵייךְ:

21 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטְהוּן, אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייא וֶועגֶען נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייא גֶעהֶרוּנְג אוֹיף דֶעם וֶועג:

22 צוּ אַלֶע הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען, צוּ יֶעדֶען מַאן אֵיין פֶערְוֶועקְסְלוּנְג פוּן קְלֵיידֶער, אָבֶּער צוּ בִּנְיָמִין הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען דְרֵייא הוּנְדֶערְט שְׁטִיק זִילְבֶּער,

אונד פינף פערוועקסלונג פון קליידער:
23 אונד צו זיין פאטער האט ער געשיקט אזוי, צעהן אייזלען וואס האבען געטראגען פון דעם גוטען פון מצרים, אונד צעהן אייזעלינעס וואס האבען געטראגען קארן, אונד ברויט, אונד שפייז צו זיין פאטער אויף דעם וועג:
24 אונד ער האט אוועקגעשיקט זיינע ברידער אונד זייא זענען געגאנגען, אונד ער האט געזאגט צו זייא, איהר זאלט ניט צערנען אויף דעם וועג:
25 אונד זייא זענען ארויפגעגאנגען פון מצרים, אונד זייא זענען געקומען צו דעם לאנד כנען, צו יעקב זייער פאטער:
26 אונד זייא האבען דערציילט צו איהם צו זאגען, יוסף לעבט נאך, אונד דאס ער איז איין געוועלטיגער איבער דעם גאנצען לאנד פון מצרים, אונד זיין הארץ איז פערגאנגען, דען ער האט זייא ניט געגלויבט:
27 אונד זייא האבען גערעדט צו איהם אלע דיזע ווערטער פון יוסף וואס ער האט גערעדט צו זייא, אונד ער האט געזעהען די וועגען וואס יוסף האט געשיקט איהם צו ברענגען, אזוי איז ערקוויקט געווארען דער גייסט פון יעקב זייער פאטער:
28 אונד ישראל האט געזאגט, עס איז גענוג. מיין זוהן יוסף לעבט נאך, איך וועל גיין אונד איך וועל איהם זעהען איידער איך שטארב:

## קאפיטעל מו

א אונד יעקב איז אוועקגעצויגען אונד אלעס וואס ער האט געהאט, אונד ער איז געקומען נאך באר שבע, אונד ער האט געאפפערט (זבחים) שלאכטאפפער צו דעם גאט פון זיין פאטער יצחק:
2 אונד גאט האט געזאגט צו ישראל אין דער ערשיינונג פון דער נאכט, אונד ער האט געזאגט יעקב, יעקב, אונד ער האט געזאגט, היר בין איך:
3 אונד ער האט געזאגט, איך בין גאט, דער גאט פון דיין פאטער, פארכט דיך ניט אראפ צו גיין נאך מצרים, דען איך וועל דיך דארטען מאכען צו איין גרויסעס פאלק:
4 איך וועל מיט דיר אראפגיין נאך מצרים, אונד איך וועל דיך אויך אויפ־ברענגען, אונד יוסף וועט לייגען זיינע האנד אויף דיינע אויגען:
5 אונד יעקב איז אויפגעשטאנען פון באר שבע, אונד די זיהן פון יעקב האבען געטראגען דעם ישראל זייער פאטער אונד זיירע קליינע קינדער אונד זיירע ווייבער, אין די וועגען וואס פרעה האט געשיקט איהם צו טראגען:
6 אונד זייא האבען גענומען זייער פיך אונד זייער פערמעגען וואס זייא האבען ערווארבען אין דעם לאנד כנען, אונד זייא זענען געקומען נאך מצרים, יעקב אונד אלע זיינע קינדער מיט איהם:
7 זיינע זיהן, אונד די זיהן פון זיינע זיהן מיט איהם, זיינע טעכטער אונד די טעכטער פון זיינע זיהן, אונד אלע זיינע זאמען האט ער געבראכט מיט איהם נאך מצרים:
8 אונד דיזע זענען די נעמען פון די זיהן פון ישראל, וואס זענען געקומען נאך מצרים, יעקב אונד זיינע זיהן, דער עלצטער פון יעקב, ראובן:
9 אונד די זיהן פון ראובן, חנוך אונד פלוא אונד חצרון אונד כרמי:

10 אונד דיא קינדער פון שמעון,
ימואל, אונד ימין, אונד אהד, אונד יכין,
אונד צחר אונד שאול דער זוהן פון
א כנענית:
11 אונד דיא זיהן פון לוי, גרשון, קהת
אונד מררי:
12 אונד דיא זיהן פון יהודה, ער אונד
אונן אונד שלה אונד פרץ אונד זרח,
אונד ער אונד אונן זענען געשטארבען
אין דעם לאנד כנען, אונד דיא זיהן פון
פרץ, זענען געוועזען חצרן אונד חמול:
13 אונד דיא זיהן פון יששכר, תולע
אונד פוה אונד יוב אונד שמרן:
14 אונד דיא זיהן פון זבלון, סרד,
אונד אלון אונד יחלאל:
15 דיזע זענען דיא זיהן פון לאה וואס
זיא האט געבוירען צו יעקב אין פדן
ארם, אונד דינה זיינע טאכטער. אלע
זעלען פון זיינע זיהן אונד פון זיינע
טעכטער דרייא אונד דרייסיג:
16 אונד דיא זיהן פון גד, צפיון אונד
חגי שוני אונד אצבן, ערי אונד ארודי
אונד אראלי:
17 אונד דיא זיהן פון אשר, ימנה
אונד ישוה, אונד ישוי, אונד בריעה,
אונד שרח זייערע שוועסטער, אונד דיא
זיהן פון בריעה חבר אונד מלכיאל:
18 דיזע זענען דיא קינדער פון זלפה
וואס לבן האט געגעבען צו זיינע טאכ־
טער לאה, אונד זיא האט געוואונען
צו יעקב דיא דאזיגע זעכצעהן זעלן:
19 דיא זיהן פון רחל דאס ווייב פון
יעקב, יוסף אונד בנימין:
20 אונד עס זענען געבוירען געווארען
צו יוסף אין דעם לאנד מצרים, וואס
אסנת דיא טאכטער פון פוטי פרע
דער כהן פון און האט צו איהם
געבוירען מנשה אונד אפרים:
21 אונד דיא זיהן פון בנימין, בלע
אונד בכר אונד אשבל, גרא אונד נעמן אחי
אונד ראש, מפים אונד חפים אונד ארד:
22 דיזע זענען דיא זיהן פון רחל וואס
זענען געבוירען געווארען צו יעקב,
אלע זעלען זענען געוועזען פערצעהן:
23 אונד דיא זיה פון דן, חשים:
24 אונד דיא זיהן פון נפתלי, יחצאל,
אונד גוני, אונד יצר, אונד שלם:
25 דיא דאזיגע זענען דיא זיהן פון
בלהה וואס לבן האט געגעבען צו רחל
זיינע טאכטער, אונד זיא האט געבוירען
דיא דאזיגע צו יעקב, אלע זעלען זענען
געוועזען זיבען:
26 אלע דיא זעלען וואס זענען גע־
קומען מיט יעקב נאך מצרים, וואס
זענען ארויסגעקומען פון זיין דיכט,
אויסער דיא ווייבער פון דיא זיהן פון
יעקב, אלע זעלען זענען געוועזען
זעקס אונד זעכציג:
27 אונד דיא זיהן פון יוסף וואס זע־
נען געבוירען געווארען צו איהם אין
מצרים, זענען געוועזען צווייא זעלען,
אלע דיא זעלען צו דעם הויז פון
יעקב, וואס זענען געקומען נאך מצרים
זענען געוועזען זיבציג:
28 אונד יהודה האט ער געשיקט
פאר זיך צו יוסף, צו ווייזען פאר
איהם נאך גשן, אונד זייא זענען גע־
קומען נאך דעם לאנד גשן:
29 אונד יוסף האט איינגעשפאנט
זיין רייטוואגען, אונד ער איז ארויפ־
געגאנגען ענטקעגען זיין פאטער ישראל
נאך גשן, אונד ער האט זיך געוויזען
צו איהם, אונד ער איז געפאלען אויף
זיין האלז, אונד ער האט זייער געוויינט:

**אויף זַיין הַאלְז:**
30 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף
דִיזֶעס מָאל קֶען אִיךְ שׁוֹין שְׁטַארְבֶּען,
נָאךְ דֶעם אַז אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דֵיין
אַנְגֶעזִיכְט אַז דוּא לֶעבְּסְט נָאךְ:
31 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע
בְּרִידֶער אוּנְד צוּ דֶעם הויזגֶעזִינְד פוּן
זֵיין פָאטֶער, אִיךְ וֶועל אַרויפגֵיין, אוּנְד
אִיךְ וֶועל דֶערְצֵיילֶען צוּ פַּרְעֹה אוּנְד וֶועל
אִיהְם זָאגֶען, מֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד דָאס
הויזגֶעזִינְד פוּן מֵיין פָאטֶער וָואס זֶענֶען
אִים לַאנְד כְּנַעַן זֶענֶען צוּ מִיר גֶעקוּמֶען:
32 אוּנְד דִיא מֶענֶער זֶענֶען פַאסְטַאכֶער
פוּן שָׁאף, דֶען זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מֶענֶער
מִיט פִיךְ, אוּנְד זֵייעֶרע שָׁאף אוּנְד זֵייעֶרע
רִינְדֶער אוּנְד אַלֶעס וָואס זֵייא הָאבֶּען,
הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּרַאכְט:
33 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין, וֶוען פַּרְעֹה וֶועט
אֵייךְ רוּפֶען אוּנְד עֶר וֶועט זָאגֶען, וָואס
אִיז אֵייעֶר וֶוערְק?
34 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר זָאגֶען, דֵיינֶע
קְנֶעכְט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מֶענֶער מִיט פִיךְ
פוּן אוּנְזֶער יוּגֶענְד אָן אוּנְד בִּיז יֶעצְט,
אוֹיךְ מִיר אוּנְד אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען, כְּדֵי
אִיהְר זָאלְט וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד גֹּשֶׁן,
דֶען דִיא שָׁאף פַאסְטַאכֶער זֶענֶען אֵיינֶע
אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט צוּ דִיא מִצְרִים:

## קאפיטעל מז

א אוּנְד יוֹסֵף אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר
הָאט דֶערְצֵיילְט צוּ פַּרְעֹה, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, מֵיין פָאטֶער אוּנְד מֵיינֶע
בְּרִידֶער, אוּנְד זֵייעֶרע שָׁאף אוּנְד זֵייעֶרע
רִינְדֶער אוּנְד אַלֶעס וָואס זֵייא הָאבֶּען,
זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען אִים לַאנְד גֹּשֶׁן:
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען עֶטְלִיכֶע פוּן
זֵיינֶע בְּרִידֶער, פִינְף מֶענֶער, אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא פָארְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר פַּרְעֹה:
3 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע
בְּרִידֶער, וָואס אִיז אֵייעֶר וֶוערְק? אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ פַּרְעֹה, דֵיינֶע
קְנֶעכְט זֶענֶען שָׁאף פַאסְטַאכֶער, מִיר
אוּנְד אויךְ אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען:
4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ פַּרְעֹה,
מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ וְואוֹינֶען אִין דֶעם
לַאנְד, ווייל עֶס אִיז קֵיין פַאשֶׁע צוּ דִיא
שָׁאף וָואס זֶענֶען צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט, דֶען
דֶער הוּנְגֶער אִיז שְׁוֶוער אִין דֶעם לַאנְד
כְּנַעַן, אוּנְד יֶעצְט לָאז דָאךְ דֵיינֶע קְנֶעכְט
וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד גֹּשֶׁן:
5 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף,
צוּ זָאגֶען, דֵיין פָאטֶער אוּנְד דֵיינֶע
בְּרִידֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דִיר:
6 דָאס לַאנְד מִצְרַיִם אִיז פַאר דִיר,
אִין דֶעם בֶּעסְטֶען פוּן דֶעם לַאנְד בֶּעזֶעץ
דֵיין פָאטֶער אוּנְד דֵיינֶע בְּרִידֶער, לָאזֶען
זֵייא וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד גֹּשֶׁן, אוּנְד
אויבּ דוּא ווייסְט אַז עֶס אִיז דָא צְווִישֶׁען
זֵייא מֶעכְטִיגֶע מֶענֶער, זָאלְסְטוּ זֵייא
מַאכֶען פִירְשְׁטֶען אִיבֶּער דֶעם פִיךְ וָואס
אִיךְ הָאבּ:
7 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעבְּרַאכְט זֵיין
פָאטֶער יַעֲקֹב אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם
פָארְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר פַּרְעֹה, אוּנְד יַעֲקֹב
הָאט גֶעבֶּענְשְׁט פַּרְעֹה'ן:
8 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יַעֲקֹב,
וויפִיל זֶענֶען דִיא טֶעג פוּן דִיא יָאהְרֶען
פוּן דֵיין לֶעבֶּען?
9 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט צוּ פַּרְעֹה,
דִיא טֶעג פוּן דִיא יָאהְרֶען פוּן מֵיינֶע
וַואנְדֶערְשַׁאפְט (אֵיין גֵר) זֶענֶען הוּנְדֶערְט
אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר, ווייניג אוּנְד שְׁלֶעכְט
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא טֶעג פוּן דִיא יָאהְרֶען
פוּן מֵיין לֶעבֶּען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט
גֶעגְרֵייכְט

גֶעגְרֵייכְט דִיא טֶעג פוּן מֵיינֶע עֶלְטֶערֶען,
אִין דִיא טֶעג פוּן זֵייעֶרֶע וַואנְדֶערשַׁאפְט׃
10 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעבֶּענְשְׁט פַּרְעֹה'ן,
אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן
פַאר פַּרְעֹה׃
11 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעמַאכְט ווֹאוינֶען
זֵיין פָאטֶער אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד
עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען אֵיין בֶּעזִיץ
אִים לַאנְד מִצְרַיִם, אִין דֶעם בֶּעסְטֶען פוּן
דֶעם לַאנְד, אִין דֶעם לַאנְד רַעְמְסֵס, אַזוֹי
וַויא פַּרְעֹה הָאט גֶעבָּאטֶען׃
12 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעשְׁפֵּייזְט זֵיין
פָאטֶער אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן זֵיין פָאטֶער מִיט
בְּרוֹיט, נָאךְ דֶעם בֶּעדֶערְפְנִיש פוּן דִיא
קְלֵיינֶע קִינְדֶער׃
13 אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין
בְּרוֹיט אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד, וַוייל
דֶער הוּנְגֶער אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהְר שְׁוֶוער,
אוּנְד דָאס לַאנְד מִצְרַיִם אִיז מִיד גֶעוָוארֶען,
אוּנְד דָאס לַאנְד כְּנַעַן, פוּן וֶועגֶען דֶעם
הוּנְגֶער׃
14 אוּנְד יוֹסֵף הָאט צוּזַאמֶען גֶעקְלִיבֶּען
דָאס גַאנְצֶע גֶעלְד וָואס אִיז גֶעפוּנֶען
גֶעוָוארֶען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם אוּנְד
אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, פַאר דֶעם קָארְן
וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעקוֹיפְט, אוּנְד יוֹסֵף
הָאט גֶעבְּרַאכְט דָאס גֶעלְד אִין דֶעם
הוֹיז פוּן פַּרְעֹה׃
15 אוּנְד דָאס גֶעלְד הָאט זִיךְ אוֹיס
גֶעלָאזְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם אוּנְד
פוּן דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, אוּנְד אַלֶע מִצְרַיִם
זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ יוֹסֵף, צוּ זָאגֶען, גִיבּ
אוּנְס בְּרוֹיט, אוּנְד פַאר וָואס זָאלֶען מִיר
שְׁטַארְבֶּען אַנְטְקֶעגֶען דִיר? דֶען דָאס
גֶעלְד הָאט זִיךְ אוֹיס גֶעלָאזְט׃
16 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט, גִיבְּט

אֵייעֶר פִיךְ, אוּנְד אִיךְ וֶויל אֵייךְ גֶעבֶּען
פַאר אֵייעֶר פִיךְ, וֶוען דָאס גֶעלְד הָאט
זִיךְ אוֹיס גֶעלָאזְט׃
17 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט זֵייעֶר
פִיךְ צוּ יוֹסֵף, אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעגֶעבֶּען
בְּרוֹיט צוּ זֵייא, פַאר פֶערְד אוּנְד פַאר
פִיךְ פוּן שָׁאף אוּנְד פַאר פִיךְ פוּן רִינְדֶער
אוּנְד פַאר אֵייזְלֶען, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
אוֹיסגֶעהַאלְטֶען מִיט בְּרוֹיט אִין דֶעם
וֶועלְבִּיגֶען יָאהְר׃
18 אוּנְד דָאס וֶועלְבֶּע יָאהְר הָאט זִיךְ
אוֹיסגֶעלָאזְט אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען
צוּ אִיהְם אִין דֶעם אַנְדֶערֶען יָאהְר, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם, מִיר
וֶועלֶען נִיט לֵייקֶענֶען פוּן מֵיין הַאר,
גֵייעֶרְט, דָאס גֶעלְד הָאט זִיךְ אוֹיס
גֶעלָאזְט, אוּנְד דָאס פִיךְ פוּן בְּהֵמוֹת
גֶעהֶערֶען צוּ מֵיין הַאר, עֶס אִיז נִיט
אִיבֶּער גֶעבְּלִיבֶּען פַאר מֵיין הַאר, גֵייעֶרְט
אוּנְזֶערֶע לֵייבֶּער אוּנְד אוּנְזֶער לַאנְד׃
19 פַאר וָואס זָאלֶען מִיר שְׁטַארְבֶּען
פַאר דֵיינֶע אוֹיגֶען, אוֹיךְ מִיר אוֹיךְ
אוּנְזֶער לַאנְד, קוֹיף אוּנְס אוּנְד אוּנְזֶער
לַאנְד פַאר בְּרוֹיט, אוּנְד מִיר וֶועלֶען זֵיין,
מִיר אוּנְד אוּנְזֶער לַאנְד קְנֶעכְט צוּ פַּרְעֹה,
אוּנְד גִיבּ זָאמֶען, אוּנְד לָאמִיר לֶעבֶּען
אוּנְד לָאמִיר נִיט שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דָאס
לַאנְד זָאל נִיט פַארוּוִיסְטֶעוֶוערֶען׃
20 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעקוֹיפְט דָאס
גַאנְצֶע לַאנְד פוּן מִצְרַיִם צוּ פַּרְעֹה, דֶען
דִיא מִצְרַיִם הָאבֶּען פַאר קוֹיפְט אִיטְלִי־
כֶער זֵיין פֶעלְד, וַוייל דֶער הוּנְגֶער
הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אוֹיף זֵייא, אוּנְד
דָאס לַאנְד אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ פַּרְעֹה׃
21 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט עֶר גֶעמַאכְט
אִיבֶּער פָארֶען צוּ דִיא שְׁטֶעט, פוּן אֵיין
עֶנְד פוּן דִיא גְרֶענֶעץ פוּן מִצְרַיִם אוּנְד

בִּיז צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען עֶנְד:

22 נָאר דָאס לַאנְד פוּן דִיא כֹּהֲנִים הָאט עֶר נִיט גֶעקוֹיפְט, דֶען עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין בֶּעשְׁטִימְטֶעס טֵייל צוּ דִיא כֹּהֲנִים פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען זֵייעֶר בֶּעשְׁטִימְטֶעס טֵייל וָואס פַּרְעֹה הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייא, דָארוּם הָאבֶּען זֵייא נִיט פֶערְקוֹיפְט זֵייעֶר לַאנְד:

23 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּם דֶעם פָאלְק, נוּן, אִיךְ הָאבּ אֵייךְ הֵיינְט גֶעקוֹיפְט, אוּנְד אֵייעֶר לַאנְד צוּ פַּרְעֹה, נַאט אֵייךְ זָאמֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייעֶן דָאס לַאנְד:

24 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין מִיט דֶער תְּבוּאָה, אַזוֹי אִיהְר זָאלְט גֶעבֶּען דֶעם פִינְפְטֶען טֵייל צוּ פַּרְעֹה, אוּנְד פִיעֶר טֵיילֶען זָאלֶען צוּ אֵייךְ זֵיין, צוּ זָאמֶען פַאר דֶעם פֶעלְד אוּנְד צוּ אֵייעֶר עֶסֶען, אוּנְד צוּ דִיא וָואס זֶענֶען אִין אֵיירֶע הֵייזֶער, אוּנְד צוּ עֶסֶען פַאר אֵיירֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער:

25 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט אוּנְס גֶעמַאכְט לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען, לָאז אוּנְס גֶעפִינֶען חֵן אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן מֵיין הַאר, אוּנְד מִיר וֶועלֶען זֵיין קְנֶעכְט צוּ פַּרְעֹה:

26 אוּנְד יוֹסֵף הָאט עֶס גֶעמַאכְט צוּ אֵיין גֶעזֶעץ בִּיז צוּ דֶעם דָאזִיגֶען טָאג אִיבֶּער דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, צוּ גֶעבֶּען דֶעם פִינְפְטֶען טֵייל צוּ פַּרְעֹה, נָאר דָאס לַאנְד פוּן דִיא כֹּהֲנִים אַלֵיין אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען צוּ פַּרְעֹה:

27 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אִים לַאנְד גֹּשֶׁן, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ פֶעסְט גֶעזֶעצְט אִין אִיר, אוּנְד זֵייא זֶענֶען פְרוּכְטְבַּאר גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ זֵייעֶר גֶעמֶעהְרְט:

ויחי

28 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעלֶעבְּט אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם זִיבְּצֶען יָאהְר, אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא טֶעג פוּן יַעֲקֹב, דִיא יָאהְרֶען פוּן זֵיין לֶעבֶּען, הוּנְדֶערְט אוּנְד זִיבֶּען אוּנְד פֶערְצִיג יָאהְר:

29 אוּנְד עֶס הָאבֶּען גֶענֶעהְנְט דִיא טֶעג פוּן יִשְׂרָאֵל צוּ שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען צוּ זֵיין זוּהְן צוּ יוֹסֵף, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם, אוֹיבּ נוּן אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען חֵן אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, טְהוּ נוּן דֵיינֶע הַאנְד אוּנְטֶער מֵיין דִיכְט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן מִיט מִיר גְנָאד אוּנְד וָואהְרְהֵייט, דוּא זָאלְסְט מִיךְ נִיט בֶּעגְרָאבֶּען אִין מִצְרַיִם:

30 נֵייעֶרְט אִיךְ זָאל לִיגֶען בֵּייא מֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מִיךְ אַרוֹיס טְרָאגֶען פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מִיךְ בֶּעגְרָאבֶּען אִין זֵייעֶר בֶּעגְרֶעבֶּענִיס, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל טְהוּן גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דֵיין וָוארְט:

31 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שְׁוֶוער צוּ מִיר אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעשְׁווֹאוֹירֶען, אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ גֶעבּוּקְט קֶעגֶען דֶעם קָאפְּ פוּן דֶעם בֶּעט:

קאפיטעל מח

א אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע רֵייד, אוּנְד מֶען הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף, נוּן דֵיין פָאטֶער אִיז קְרַאנְק, אַזוֹי הָאט עֶר גֶענוּמֶען זֵיינֶע צְוֵויא זִיהְן מִיט זִיךְ, דֶעם מְנַשֶּׁה אוּנְד אֶפְרָיִם:

2 אוּנְד מֶען הָאט דֶערְצֵיילְט צוּ יַעֲקֹב אוּנְד מֶען הָאט גֶעזָאגְט, נוּן דֵיין זוּהְן יוֹסֵף קוּמְט צוּ דִיר, אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעזֶעצְט אוֹיף דֶעם בֶּעט:

3 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף, דֶער

אַלְמֶעכְטִיגֶער הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ מִיר
אִין לוּז, אִים לַאנְד כְּנַעַן, אוּנְד עֶר הָאט
מִיךְ גֶעבֶּענְשְׁט׃
4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ מִיר, נוּן
אִיךְ וֶועל דִיךְ פְּרוּכְטְבַּאר מַאכֶען, אוּנְד
אִיךְ וֶועל דִיךְ מֶעהְרֶען אוּנְד אִיךְ וֶועל
דִיךְ מַאכֶען צוּ אֵיינֶע זַאמְלוּנְג פוּן פֶעלְ־
קֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען דָאס דָאזִיגֶע
לַאנְד צוּ דֵיינֶע קִינְדֶער נָאךְ דִיר, אֵיין
אֵייבִּיגֶען בֶּעזִיץ׃
5 אוּנְד אַצוּנְד, דֵיינֶע צְווֵייא זִיהְן
וָואס זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען צוּ דִיר
אִים לַאנְד מִצְרַיִם אֵיידֶער אַז אִיךְ בִּין
גֶעקוּמֶען צוּ דִיר קֵיין מִצְרַיִם, צוּ מִיר
זָאלֶען זֵייא זֵיין, אֶפְרַיִם אוּנְד מְנַשֶּׁה
זָאלֶען זֵיין צוּ מִיר גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא רְאוּבֵן
אוּנְד שִׁמְעוֹן׃
6 אוּנְד דֵיינֶע גֶעבּוּרְט וָואס דוּא הָאסְט
גֶעבּוֹירֶען נָאךְ זֵייא, זָאלֶען זֵיין צוּ דִיר,
נָאךְ דֶעם נָאמֶען פוּן זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער
זָאלֶען זֵייא גֶערוּפֶען ווֶערֶען אִין זֵייעֶרֶע
נַחֲלָה (עֶרְבְּטֵייל)׃
7 אוּנְד אִיךְ, אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען פוּן
פַּדָּן אִיז רָחֵל גֶעשְׁטָארְבֶּען בֵּייא מִיר
אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן אוֹיף דֶעם וֶועג,
אַז עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאר אֵיין אַקֶער
לַאנְד צוּ קוּמֶען קֵיין אֶפְרָת, דָאס אִיז
בֵּית לָחֶם׃
8 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא זִיהְן
פוּן יוֹסֵף, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער
זֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע׃
9 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיין
פָאטֶער, זֵייא זֶענֶען מֵיינֶע זִיהְן וָואס
גָאט הָאט מִיר דָא גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, גֶעם זֵייא נוּן צוּ מִיר
אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא בֶּענְשֶׁען׃
10 אוּנְד דִיא אוֹיגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען
שְׁוֶוער גֶעוָוארֶען פוּן וֶועגֶען עֶלְטֶער, עֶר
הָאט נִיט גֶעקָאנְט זֶעהֶען, אוּנְד עֶר הָאט
זֵייא גֶענֶעהֶנְט צוּ אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט
זֵייא גֶעקוּשְׁט אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
גֶעהַאלְזְט׃
11 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף,
צוּ זֶעהֶען דֵיין אָנְגֶעזִיכְט הָאבּ אִיךְ נִיט
גֶעדַאכְט, אוּנְד נוּן הָאט מִיךְ גָאט גֶע־
מַאכְט זֶעהְן אוֹיךְ דֵיין זָאמֶען׃
12 אוּנְד יוֹסֵף הָאט זֵייא אַרוֹיס
גֶעבְּרַאכְט פוּן זֵיינֶע קְנִיא, אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ גֶעבּוּקְט מִיט זֵיין אָנְגֶעזִיכְט
צוּ דֶער עֶרְד׃
13 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶענוּמֶען זֵייא בֵּיידֶע,
דֶעם אֶפְרַיִם אִין זֵיין רֶעכְטֶער הַאנְד,
פוּן דֶער לִינְקֶער הַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
מְנַשֶּׁה אִין זֵיין לִינְקֶער הַאנְד, פוּן דֶער
רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא גֶענֶעהֶנְט צוּ אִיהְם׃
14 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט אוֹיס גֶעשְׁטְרֶעקְט
זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט זִיא
גֶעלֵייגְט אוֹיף דֶעם קָאפְּף פוּן אֶפְרַיִם,
אוּנְד עֶר אִיז דֶער יוּנְגְסְטֶער גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד זֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד אוֹיף דֶעם
קָאפְּף פוּן מְנַשֶּׁה, מִיט קְלוּגְהֵייט הָאט
עֶר גֶעלֵייגְט זֵיינֶע הֶענְד, ווֵייל מְנַשֶּׁה
אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער עֶלְצְטֶער׃
15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם יוֹסֵף,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער גָאט וָואס
מֵיינֶע עֶלְטֶערֶען אַבְרָהָם אוּנְד יִצְחָק
זֶענֶען פַאר אִיהְם גֶעגַאנְגֶען, דֶער גָאט
וָואס הָאט מִיךְ גֶעשְׁפֵּייזְט פוּן מֵיין לֶעבֶּען
לַאנְג אָן בִּיז דֶעם דָאזִיגֶען טָאג׃
16 דֶער מַלְאָךְ וָואס הָאט מִיךְ דֶערלֵייזְט
פוּן אַלֶערְלֵייא שְׁלֶעכְטְס, זָאל בֶּענְשֶׁען
דִיא יוּנְגֶען, אוּנְד מֵיין נָאמֶען זָאל גֶע־
רוּפֶען ווֶערֶען אוֹיף זֵייא, אוּנְד דֶער

נאָמען פון מײַנע עלטערן אַבְרָהָם
אונד יִצְחָק, אונד זײא זאָלען זיך מערהרען
גלײך װיא פיש אין דעם לאַנד:
17 אונד װען יוסף האָט געזעהען אַז זײן
פאָטער האָט געלײגט זײנע רעכטע האַנד
אויף דעם קאָפּ פון אֶפְרַיִם, אַזוֹי איז
עס איהם שלעכט געפעלען אין זײנע
אויגען, אונד ער האָט אָפּגעהאַלטען דיא
האַנד פון זײן פאָטער, זיא אָפּ צו טהון
פון דעם קאָפּ פון אֶפְרַיִם אויף דעם
קאָפּ פון מְנַשֶּׁה:
18 אונד יוסף האָט געזאָגט צו זײן
פאָטער, ניט אַזוֹי מײן פאָטער, װאָרין
דער דאָזיגער איז דער עלטסטער, לײג
דײנע רעכטע האַנד אויף זײן קאָפּ:
19 אונד זײן פאָטער האָט ניט געװאָלט,
אונד ער האָט געזאָגט, איך װײס מײן
זוהן, איך װײס, אויך ער װעט זײן צו
אײן פאָלק, אונד אויך ער װעט גרויס
װערען, אָבער זײן קלענערער ברודער
װעט גרעסער זײן פון איהם, אונד
זײנע קינדער װעלען זײן פיל פעלקער:
20 אונד ער האָט זײא געבענשט אין
דעמזעלבען טאָג, אַזוֹי צו זאָגען, אין
דיר זאָל זיך יִשְׂרָאֵל בענשען, צו זאָגען,
גאָט זאָל דיך מאַכען װיא אֶפְרַיִם אונד
װיא מְנַשֶּׁה, אונד ער האָט געשטהון
דעם אֶפְרַיִם צו פאָר מְנַשֶּׁה:
21 אונד יִשְׂרָאֵל האָט געזאָגט צו יוסף,
נון איך שטאַרב, אונד גאָט װעט זײן
מיט אײך, אונד ער װעט אײך צוריק
קעהרען צו דעם לאַנד פון אײערע
עלטערן:
22 אונד איך האָב דיר געגעבען אײן
טײל איבער דײנע ברידער, װאָס איך
האָב גענומען פון דער האַנד פון דעם
אֱמֹרִי מיט מײן שװערד אונד מיט מײן
בויגען:

## קאַפּיטעל מט

1 אונד יַעֲקֹב האָט גערופען צו זײנע
זיהן, אונד ער האָט געזאָגט, זאַמעלט
אײך אײן, אונד איך װעל אײך זאָגען
װאָס עס װעט אײך טרעפען אין דעם
לעצטען פון דיא טעג:
2 זאַמעלט זיך אײן, אונד הערט איהר
קינדער פון יַעֲקֹב, אונד הערט צו יִשְׂרָאֵל
אײער פאָטער:
3 רְאוּבֵן, דוא ביזט מײן עלצטער, מײנע
קראַפט, אונד מײנע ערשטע מאַכט (דיר
געהערט) מעהר הויכקײט אונד מעהר
שטאַרקײט:
4 רױשענדיג גלײך אַזוֹי װיא װאַסער,
דוא זאָלסט ניט מעהר דעם פאָרצוג
האָבען, װײל דוא ביזט אויפגעגאַנגען
צו דעם בעט פון דײן פאָטער, דענסמאָל
האָסטו פערשװעכט מײן אויסגעשפרײט
בעט אין דעם אַרויפגײן:
5 שִׁמְעוֹן אונד לֵוִי זענען ברידער,
כלים פון רויב איז זײערע האַנדלונג:
6 אין זײער סוד זאָל מײנע זעעלע ניט
קומען, אין זײערע פערזאַמלונג זאָל זיך
מײנע הערליכקײט ניט פעראײניגען,
דען אין זײער צאָרן האָבען זײא דער
שלאָגען אײן מאַן, אונד אין זײער װילען
האָבען זײא אויסגעריסען אײן אָקס:
7 פערשאָלטען זאָל װערען זײער צאָרן,
װײל ער איז שטאַרק, אונד זײער גרים
צאָרן, װײל ער איז האַרט, איך װעל
זײא צוטײלען אין יַעֲקֹב, אונד איך װעל
זײא צושפרײטען אין יִשְׂרָאֵל:
8 דוא יְהוּדָה, דיך װעלען דײנע
ברידער לויבען, דײנע האַנד (װעט זײן)
אין דעם נאַקען פון דײנע פײנד, עס
װעלען זיך בוקען צו דיר דיא קינדער

פון

פון דיין פאָטער׃
9 יְהוּדָה איז איין יונגער לֵייב פון דיא
פֶערצוּקוּנג מיין זוּהן בּיסטוּ אַרויף
געגאַנגען, ער האָט געקניעט ער
האָט געהויערט גלייך אַזוי וויא
איין לייב, אונד גלייך אַזוי וויא איין
אַלטער לייב, ווער וועט איהם מאַכען
אויפשטיין׃
10 עס וועט ניט אָבגעטהאָן ווערען
קיין רוט (שֵׁבֶט) פון יְהוּדָה אונד קיין
געזעצגעבער פון צווישען זיינע פיס,
ביז שִׁילֹה וועט קומען, אונד צו איהם
וועלען זיך דיא פעלקער איינזאַמלען׃
11 ער בינדעט אָן דעם ווייַנשטאָק זיין
יונגען אייזעל, אונד צו דיא וויינטרויבען
זיין אייזעלסקינד, ער האָט געוואַשען אין
וויין זיין קלייד, אונד אין דעם בלוט
פון דיא טרויבען זיינע דעק׃
12 זיינע אויגען זענען רויט פון וויין
אונד זיינע צייהן זענען ווייס פון מילך׃
13 זְבוּלֻן וועט וואוינען ביי דעם
באָרטען פון דיא יַמִּים, אונד ער זאָל
זיין ביי דעם באָרטען פון שיפען, און
זיין זייט (גְּבוּל) וועט זיין ביי צִידוֹן׃
14 יִשָּׂשכָר איז איין ביינינגער אייזעל
ער הויערט צווישען דיא לאַסטען׃
15 אונד ער האָט געזעהען דיא רוּהוּנג
אַז זיא איז גוּט, אונד דאָס לאַנד אַז
עס איז אַנגענעהם, אונד ער האָט גע־
נייגט זיינע אַקסעל צו טראָגען, אונד
ער איז געוואָרען דינסטבאַר צו צינס׃
16 דָּן וועט ריכטען זיין פאָלק, גלייך
אַזוי וויא איינער פון דיא שְׁבָטִים פון
יִשְׂרָאֵל׃
17 דָּן וועט זיין איינע שלאַנג אויף
דעם וועג, איין אָטער־שלאַנג אויף
דעם שטעג, וואָס בייסט דיא פערשט
פון דעם פערד, אונד זיין רייטער
פאַלט הינטער זיך׃
18 אויף דיינע הילף האָב איך געהאָפט
אָ האר גאָט!
19 גָּד, איין מַחֲנֶה וועט איהם דרענג־
גען, אָבער ער וועט דרענגען דיא הינ־
טערסטע׃
20 פון אָשֵׁר, זיין ברויט איז פעט,
אונד ער וועט געבען דיא קעניגליכע
שפייזען׃
21 נַפְתָּלִי איז איינע געשווינדע אינד
וואָס גיבט שיינע ווערטער׃
22 איינע פרוכטבאַרע צווייג איז יוֹסֵף
איינע פרוכטבאַרע צווייג ביי דעם
קוועלברונען, יעדע צווייג גייט איבער
דיא מויער׃
23 אונד זייא האָבען איהם פערבי־
טערט, אונד זייא האָבען געשאָסען,
אונד דיא בויגען־שיסער האָבען איהם
פיינד געהאַט׃
24 אָבער זיין בויגען איז געבליבען
אין שטאַרקהייט, אונד דיא אָרעמס פון
זיינע הענד זענען געשטאַרקט, פון
דיא הענד פון דעם מעכטיגען אין
יַעֲקֹב, פון דאָרטען איז דער הירט,
דער שטיין פון יִשְׂרָאֵל׃
25 פון דעם גאָט פון דיין פאָטער, אונד
ער וועט דיר העלפען, אונד פון דעם
אַלמעכטיגען, אונד ער וועט דיך בענשען
מיט דיא בענשונג פום הימעל פון
אויבען, מיט דיא בענשונג פון דעם
אָבגרונד וואָס ליגט אונטען, מיט דיא
בענשונג פון דער ברוסט אונד פון
דער געבערמוטער׃
26 דיא בענשונג פון דיין פאָטער האָט
זיך געשטאַרקט איבער דיא בענשונג
פון מיינע עלטערן, ביז צו דער גרענעץ

פון

פון דיא אײבּיגע בּערג, זײא זאָלען זײן
אויף דעם קאָפּף פון יוסף, אונד אויף
דעם נאַקען פון דעם אָבּגעשײדעטען
פון זײנע בּרידער:
27 בּנימין איז אײן װאָלף װאָס פערר־
צוקט, אין דער פריה װעט ער עסען
רויב, אונד צו אָבענד װעט ער רויב
צוטהײלען:
28 אַלע דיא דאָזיגע שבטים פון
ישׂראל זענען צװעלף, אונד דאָס איז
װאָס זײער פאָטער האָט גערעדט צו
זײא, אונד ער האָט זײא געבּענשט,
יעדען נאָך זײנע בּענשונג האָט ער זײא
געבּענשט:
29 אונד ער האָט זײא געבּאָטען,
אונד ער האָט צו זײא געזאָגט, איך
װעל אײנגעזאַמעלט װערען צו מײן
פאָלק, בּעגראָבּט מיך בּײא מײנע פאָ־
טער, אין דער הײל װאָס איז אין דעם
פעלד פון עפרון דער חתי:
30 אין דער הײל װאָס איז אין דעם
פעלד פון מכפּלה, װאָס איז בּײא ממרא
אין דעם לאַנד כּנען, װאָס אברהם האָט
געקױפט, דאָס פעלד פון עפרון דעם
חתי, צו אײן בּעזיץ פון אײן בּע־
גרעבּניס:
31 דאָרטען האָבּען זײא בּעגראָבּען
דעם אברהם אונד דיא שׂרה זײן װײבּ,
דאָרטען האָבּען זײא בּעגראָבּען דעם
יצחק אונד דיא רבקה זײן װײבּ, אונד
דאָרטען האָבּ איך בּעגראָבּען דיא לאה:
32 דאָס קױפען פון דעם פעלד אונד
פון דער הײל װאָס איז דרינען, פון
דיא זיהן פון חת:
33 אונד יעקב האָט געענדיגט צו גע־
בּאָטען זײנע זיהן, אונד ער האָט
אַרײן גענומען דיא פיס אין דעם בּעט
אונד ער איז פערגאַנגען, אונד ער איז
אײנגעזאַמעלט געװאָרען צו זײן פאָלק:

קאפּיטעל נ

א אונד יוסף איז געפאַלען אויף דעם
אַנגעזיכט פון זײן פאָטער, אונד ער
האָט געװײנט איבּער איהם, אונד ער
האָט איהם געקושט:
2 אונד יוסף האָט געבּאָטען זײנע
קנעכט דיא דאָקטױרים, צו בּאַלזאַמי־
רען זײן פאָטער, אונד דיא דאָקטױרים
האָבּען בּאַלזאַמירט דעם ישׂראל:
3 אונד פערציג טעג זענען דערפילט
געװאָרען צו איהם, דען אַזױ װערען
דערפילט דיא טעג פון דיא װאָס
זענען בּאַלזאַמירט, אונד דיא מצרים
האָבּען איהם בּעװײנט זיבּציג טעג:
4 אונד דיא טעג פון זײנע בּעװײנונג
זענען פערגאַנגען, אונד יוסף האָט גע־
רעדט צו דעם הױזגעזינד פון פּרעה צו
זאָגען, װען נון איך האָבּ געפונען גנאָד
אין אײערע אויגען, רעדט, איך בּעט
אין דיא אויערען פון פּרעה צו זאָגען:
5 מײן פאָטער האָט מיך בּעשװאָרען
צו זאָגען, נון איך שטאַרבּ, אין מײן
בּעגרעבּניס װאָס איך האָבּ געגראָבּען
פאַר מיר, אין דעם לאַנד כּנען, דאָרט
זאָלסטו מיך בּעגראָבּען, אונד אַצונד
לאָז מיך אַרויף געהען, איך בּעט, אונד
איך װעל בּעגראָבּען מײן פאָטער, אונד
איך װעל צוריקקערען:
6 אונד פּרעה האָט געזאָגט, געה אַרויף
אונד בּעגראָבּ דײן פאָטער, גלײך אַזױ
װיא ער האָט דיך בּעשװאָרען:
7 אונד יוסף איז אַרויפגעגאַנגען צו
בּעגראָבּען זײן פאָטער, אונד עס זע־
נען אַרויפגעגאַנגען מיט איהם אַלע
קנעכט פון פּרעה, דיא עלצטע פון זײן

הויז, אונד אַלֶע עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:

8 אונד דָאס גַאנְצֶע הויזְגֶעזִינְד פוּן יוֹסֵף אונד זֵיינֶע בְּרִידֶער, אונד דָאס הויזְגֶע־זִינְד פוּן זֵיין פָאטֶער, נָאר זֵיירֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער אונד זֵיירֶע שָׁאף אונד זֵיירֶע רִינְדֶער, הָאבֶּען זֵייא גֶעלָאזְט אִין דֶעם לַאנְד גּוֹשֶׁן:

9 אונד עֶס זֶענֶען אַרויפְגֶעגַאנְגֶען מִיט אִיהְם אויךְ רֵייטְוָועגֶען, אויךְ רֵייטֶער, אונד דִיא שַׁאר (מַחֲנֶה) אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהְר שְׁוֶוער:

10 אונד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֶער שֵׁייעֶר פוּן אָטָד, וָואס אִיז אִין יֶענֶער זֵייט פוּן דֶעם יַרְדֵן, אונד זֵייא הָאבֶּען דָארְט גֶעקְלָאגְט אֵיינֶע זֶעהְר גְרויסֶע אונד שְׁוֶוערֶע קְלָאג (הֶסְפֵּד), אונד עֶר הָאט גֶעמַאכְט צוּ זֵיין פָאטֶער אֵיין טְרויעֶר פוּן זִיבֶּען טֶעג:

11 אונד וֶוען דִיא אֵיינְוָואהנֶער פוּן דֶעם לַאנְד, דֶער כְּנַעֲנִי, הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא טְרויעריקֵייט בֵּייא דֶער שֵׁייעֶר פוּן אָטָד אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, דִיא דָאזִיגֶע אִיז אֵיינֶע שְׁוֶוערֶע טְרויעריקֵייט צוּ דִיא מִצְרִים, דָארוּם הָאט מֶען גֶערוּפֶען אִיהְר נָאמֶען אָבֵל מִצְרַיִם, וָואס אִיז אִין יֶענֶער זֵייט פוּן דֶעם יַרְדֵן:

12 אונד זֵיינֶע זִיהְן הָאבֶּען גֶעמַאכְט צוּ אִיהְם גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא עֶר הָאט זֵייא גֶעבָּאטֶען:

13 אונד זֵיינֶע זִיהְן הָאבֶּען אִיהְם גֶעטְרָאגֶען צוּ דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, אונד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין דֶער הֵייל פוּן דֶעם פֶעלְד פוּן מַכְפֵּלָה, וָואס אַבְרָהָם הָאט גֶעקויפְט דָאס פֶעלְד צוּ אֵיין בֶּעזִיץ פוּן אֵיין בֶּעגְרֶעבְּנִיס, פוּן עֶפְרוֹן דֶעם חִתִּי בֵּייא מַמְרֵא:

14 אונד יוֹסֵף הָאט צוּרִיק גֶעקֶעהְרְט קֵיין מִצְרַיִם, עֶר אונד זֵיינֶע בְּרִידֶער אונד אַלֶע וָואס זֶענֶען אַרויפְגֶעגַאנְגֶען מִיט אִיהְם זֵיין פָאטֶער צוּ בֶּעגְרָאבֶּען, נָאךְ דֶעם אַז עֶר הָאט בֶּעגְרָאבֶּען זֵיין פָאטֶער:

15 אונד דִיא בְּרִידֶער פוּן יוֹסֵף הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז זֵייעֶר פָאטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אונד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, פִילֵייכְט וֶועט יוֹסֵף אוּנְס פֵיינְד הָאבֶּען, אונד עֶר וֶועט אוּנְס צוּרִיקְקֶערֶען אַל דָאס שְׁלֶעכְטְס וָואס מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעטְהוּן:

16 אונד זֵייא הָאבֶּען בֶּעפוֹילֶען צוּ יוֹסֵף צוּ זָאגֶען, דֵיין פָאטֶער הָאט גֶעבָּאטֶען פַאר זֵיין טוֹיט צוּ זָאגֶען:

17 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר זָאגֶען צוּ יוֹסֵף, אִיךְ בֶּעט, פֶערְגִיבּ נוּן דִיא אִיבֶּערטְרֶעטוּנְג פוּן דֵיינֶע בְּרִידֶער אונד זֵיירֶע זִינְד, אַז זֵייא הָאבֶּען דִיר שְׁלֶעכְטְס גֶעטְהוּן אונד אַצוּנְד אִיךְ בֶּעט, פֶערְגִיבּ דִיא אִיבֶּערטְרֶעטוּנְג פוּן דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם גָאט פוּן דֵיין פָאטֶער, אונד יוֹסֵף הָאט גֶעווֵיינְט ווֵייל זֵייא הָאבֶּען גֶערֶעט צוּ אִיהְם:

18 אונד זֵיינֶע בְּרִידֶער זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אונד זֵייא זֶענֶען גֶעפַאלֶען פַאר אִיהְם אונד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, נוּן מִיר זֶענֶען צוּ דִיר צוּ קְנֶעכְט:

19 אונד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵייא פֶערְכְט אֵייךְ נִיט, בִּין אִיךְ דֶען אַנְשְׁטָאט פוּן גָאט:

20 אונד אִיהְר הָאט גֶעדֶענְקְט שְׁלֶעכְטְס אויף מִיר, גָאט הָאט עֶס גֶערֶעכֶענְט צוּ גוּטֶען, פוּן וֶועגֶען צוּ טְהוּן וִויא עֶס אִיז דִיזֶען טָאג, פִיל פָאלְק בֵּיים לֶעבֶּען צוּ עֶרְהַאלְטֶען:

21 אונד אַצוּנְד פֶערְכְט אֵייךְ נִיט, אִיךְ וֶועל אֵייךְ שְׁפֵּייזֶען אונד אֵיירֶע קְלֵיינֶע

קִינְדֶער, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעטְרֵייסְט
אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט אויף זֵייעֶר הַארְץ:
22 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעוְואוינְט אִין
מִצְרַיִם, עֶר אוּנְד דָאס הויזְגֶעזִינְד פוּן
זַיין פָאטֶער, אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעלֶעבְּט
הוּנְדֶערְט אוּנְד צֶעהְן יָאהְר:
23 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזֶעהֶען קִינְדֶער
צוּ אֶפְרַיִם פוּן דֶעם דְרִיטֶען גֶעשְׁלֶעכְט
אויךְ קִינְדֶער פוּן מָכִיר, דֶער זוּהְן פוּן
מְנַשֶּׁה, זֶענֶען גֶעוֵוינֶען גֶעוָוארֶען אויף
דִיא קְנִיא פוּן יוֹסֵף:
24 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע
בְּרִידֶער, אִיךְ שְׁטַארְב, אוּנְד גָאט וֶועט
אֵייךְ גֶעוִויס גֶעדֶענְקֶען, אוּנְד עֶר וֶועט
אֵייךְ מַאכֶען אַרויף גֵיין פוּן דֶעם דָאזִיגֶען
לַאנְד צוּ דֶעם לַאנְד וָואס עֶר הָאט
גֶעשְׁוָוארֶען צוּ אַבְרָהָם, צוּ יִצְחָק, אוּנְד
צוּ יַעֲקֹב:
25 אוּנְד יוֹסֵף הָאט בֶּעשְׁוָוארֶען דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל צוּ זָאגֶען, גָאט וֶועט אֵייךְ
גֶעוִויס גֶעדֶענְקֶען, אַזוֹי בְּרֶענְגְט אַרויף
מֵיינֶע בֵּיינֶער פוּן דַאנֶען:
26 אוּנְד יוֹסֵף אִיז גֶעשְׁטָארְבֶען הוּנְ־
דֶערְט אוּנְד צֶעהְן יָאהְר אַלְט, אוּנְד זֵייא
הָאבֶען אִיהְם בַּאלְזַאמִירְט אוּנְד מַאן הָאט
אִיהְם גֶעלֵייגְט אִין אֵיין קַאסְטֶען אַרֵיין,
אִין מִצְרַיִם:

חזק:

אלֶע פסוקים פון ספר בראשית זענען איין טויזענד פינף הונדערט אונד
פיר אונד דרייסיג, אונד דיא העלפט דאפון איז קאפיטעל כ"ז, מ'. אונד
האט פינפציג קאפיטעל אונד צוועלף פרשיות:

# שמות.

## קאפיטעל א

א אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא נֶעמֶען
פוּן דִיא זִיהְן פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס זֶענֶען
גֶעקוּמֶען קַיין מִצְרַיִם מִיט יַעֲקֹב, יֶעדֶער
מַאן אוּנְד זַיין הויזגֶעזִינְד זֶענֶען זַייא
גֶעקוּמֶען:
2 רְאוּבֵן, שִׁמְעוֹן, לֵוִי אוּנְד יְהוּדָה:
3 יִשָׂשכָר, זְבוּלֻן אוּנְד בִּנְיָמִין:
4 דָן אוּנְד נַפְתָּלִי, גָד אוּנְד אָשֵׁר:
5 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶעזֶען אַלֶע זֶעלֶען
וָואס זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם
דִיכְט פוּן יַעֲקֹב, זִיבְּצִיג זֶעלֶען, אוּנְד
יוֹסֵף אִיז גֶעוֶעזֶען אִין מִצְרַיִם:
6 אוּנְד יוֹסֵף אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד
אַלֶע זַיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע
זֶעלְבִּיגֶע גֶעשְׁלֶעכְט:
7 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען פְּרוּכְטבַּאר, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
זִיךְ גֶעווִימֶעלְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ
גֶעמֶערְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶע־
שְׁטַארְקְט גָאר זֶעהְר, אוּנְד דָאס לַאנְד
אִיז דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען פוּן זַייא:
8 אוּנְד עֶס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אֵיין
נַייעֶר קֶענִיג אִיבֶּער מִצְרַיִם, וָואס הָאט
נִיט גֶעקֶענְט דֶעם יוֹסֵף:
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין פָאלְק,
נוּן דָאס פָאלְק פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
אִיז מֶעהְר אוּנְד שְׁטֶערְקֶער פוּן אוּנְס:
10 קוּמְט, מִיר וֶועלֶען קְלוּג הַאנְדְלֶען
מִיט אִיהְם, פִילֵייכְט וֶועט עֶר זִיךְ מֶע־
רֶען אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, וֶוען אֵיין קְרִיג
וֶועט זִיךְ טְרֶעפֶען, אַזוֹי וֶועט עֶר זִיךְ
צוּגֶעזֶעלֶען צוּ אוּנְזֶערֶע פֵיינְד, אוּנְד עֶר
וֶועט שְׁטְרֵייטֶען קֶעגֶען אוּנְס, אוּנְד עֶר
וֶועט אַרוֹיף גֵיין פוּן דֶעם לַאנְד:
11 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעצְט אִיבֶּער
אִיהְם פִירְשְׁטֶען פוּן צִינְזֶען, פוּן וֶועגֶען
אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם פֵּיינִיגֶען מִיט זַייעֶרֶע
לַאסְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹיעֶט שְׁטֶעט
פוּן בֶּעהֶעלְטְנִים צוּ פַּרְעֹה, פִּתוֹם אוּנְד
רַעַמְסֵס:
12 אוּנְד גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא זַייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעפֵּיינִיגְט, אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ
גֶעמֶערְט, אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ אוֹיס
גֶעבְּרֵייט, אוּנְד זַייא זֶענֶען אִין אַנְגְסְט
גֶעוֶועזֶען פוּן וֶועגֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:
13 אוּנְד דִיא מִצְרַיִם הָאבֶּען גֶעמַאכְט
אַרְבֵּייטֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל מִיט
הַארְטִיגְקֵייט:
14 אוּנְד זַייא הָאבֶּען פֶערְבִּיטֶערְט זַייעֶר
לֶעבֶּען מִיט הַארְטֶע אַרְבֵּייט, אִין לֵיים
אוּנְד צִיגֶעל, אוּנְד אִין אַלֶערְלֵייא דִינְסְט
אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אַל זַייעֶר דִינְסְט וָואס
זַייא הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט מִיט זַייא מִיט
הֶערְטִיגְקֵייט:
15 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם הָאט
גֶעזָאגְט צוּ דִיא יוּדִישֶׁע הֵייבַּאמֶען, וָואס
דֶער נָאמֶען פוּן דֶער אֵיינֶער אִיז גֶע־
וֶועזֶען שִׁפְרָה, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶער
אַנְדֶערֶער אִיז גֶעוֶועזֶען פּוּעָה:
16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר
וֶועט הֶעלְפֶען דִיא יוּדִישֶׁע ווייבֶּער גֶע־
וִוינֶען, אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט זַייא זֶעהֶען
אוֹיף דִיא בְּרוּךְ־שְׁטוּהְלֶען, וֶוען עֶס
אִיז אֵיין זוּהְן, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אִיהְם
טֵייטֶען, אוּנְד וֶוען עֶס אִיז אֵיינֶע טָאכְטֶער
אַזוֹי זָאל זִיא לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען:
17 אָבֶּער דִיא הֵייבַּאמֶען הָאבֶּען גָאט
גֶעפָארְכְטֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט גֶע־
טְהוּן גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דֶער קֶענִיג פוּן
מִצְרַיִם הָאט גֶערֶעט צוּ זַייא, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען דִיא זִיהְן גֶעלָאזְט לֶעבֶּען:

18 אונד דער קעניג פון מצרים האט
גערופען צו די העבאמען אונד ער
האט צו זייא געזאגט, פאר וואס האט
איהר געטהון די דאזיגע זאך, אז איהר
האט געלאזט לעבען די קינדער:
19 אונד די היבאמען האבען גע־
זאגט צו פרעה, דען די יודישע ווייבער
זענען ניט גלייך אזוי וויא די מצרישע
ווייבער, דען זייא זענען לעבהאפט,
איידער אז די היבאם קומט צו זייא
אזוי האבען זייא שוין געווינען:
20 אונד גאט האט גוטעס געטהון צו
די היבאמען, אונד דאס פאלק האט
זיך געמעהרט, אונד זייא האבען זיך
זעהר געשטארקט:
21 אונד עס איז געוועזען דערווייל די
היבאמען האבען געפארכטען גאט, אזוי
האט ער געמאכט הייזער צו זייא:
22 אונד פרעה האט געבאטען צו זיין
גאנץ פאלק צו זאגען, איטליכען זוהן
וואס וועט געבוירען ווערען זאלט איהר
אריין ווארפען אין דעם טייך, אונד
איטליכע טאכטער זאלט איהר לאזען
לעבען:

## קאפיטעל ב

א אונד איין מאן פון דעם הויז פון
לוי איז געגאנגען, אונד ער האט גע־
נומען איינע טאכטער פון לוי:
2 אונד דאס ווייב איז טראגען געווארען
אונד זיא האט געווינען איין זוהן, אונד
זיא האט איהם געזעהען אז ער איז שיין
אזוי האט זיא איהם פערבארגען דרייא
חדשים:
3 אונד אז זיא האט איהם ניט געקאנט
לענגער פערבארגען, אזוי האט זיא צו
איהם גענומען איין קאסטען פון ראהר
אונד זיא האט איהם פערקלעבט
מיט ליים אונד מיט פעך, אונד זיא
האט דאס קינד דרינען אריין געלייגט
אונד זיא האט עס געטהון אין דעם
געמויזיכטס ביי דעם בארטען פון
דעם טייך:
4 אונד זיינע שוועסטער האט זיך גע־
שטעלט פון ווייטען, צו וויסען וואס
וועט געטהון ווערען צו איהם:
5 אונד די טאכטער פון פרעה איז
אראב געגאנגען זיך צו וואשען ביי
דעם טייך, אונד איהרע מיידלעך זענען
געגאנגען ביי דער זייט פון דעם טייך
אונד זיא האט געזעהען דעם קאסטען
צווישען דעם געמויזיכטס, אזוי האט
זיא געשיקט איהר דינסט מייד, אונד
זיא האט איהם גענומען:
6 אונד זיא האט געעפענט, אונד זיא
האט געזעהען דאס קינד, אונד נון דער
יונג האט געוויינט, אונד זיא האט זיך
דערבארמט איבער איהם, אונד זיא
האט געזאגט דער דאזיגער איז פון די
קינדער פון די עברים:
7 אונד זיינע שוועסטער האט געזאגט
צו דער טאכטער פון פרעה, זאל איך
גיין אונד רופען צו דיר איין ווייב,
איינע זייגאם פון די יודישע ווייבער, אז
זיא זאל זייגען דאס קינד פאר דיר?
8 אונד די טאכטער פון פרעה האט
צו איהר, געזאגט גייא, אונד די יונג־
פרויא איז געגאנגען, אונד זיא האט
גערופען די מוטער פון דעם קינד:
9 אונד די טאכטער פון פרעה האט
געזאגט צו איהר, נעם דאס דאזיגע
קינד אונד זייג איהם פאר מיר, אונד
איך וועל דיר געבען דיין לוין, אונד דאס
ווייב האט גענומען דאס קינד אונד זיא
האט עס געזייגט:

10 אוּנְד דָאס קִינְד אִיז גְרויס גֶעוָוארֶען
אוּנְד זִיא הָאט עֶס גֶעבְּרַאכְט צוּ דִיא
טָאכְטֶער פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד עֶר אִיז גֶער
וָועזֶען צוּ אִיהְר צוּ אֵיין זוּהְן, אוּנְד זִיא
הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען מֹשֶׁה, דֶען
זִיא הָאט גֶעזָאגְט ווייל אִיךְ הָאבּ אִיהְם
אַרויסְגֶעצוֹיגֶען פוּן דִיא וַואסֶער:
11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיזֶעלְ־
בִּיגֶע טֶעג אַז מֹשֶׁה אִיז גְרויס גֶעוָוארֶען
אַזוֹי אִיז עֶר אַרויס גֶעגַאנְגֶען צוּ זַיינֶע
בְּרִידֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אוֹיף
זַיירֶע לַאסְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען
אֵיין מַאן, אֵיין מִצְרִי, הָאט גֶעשְׁלָאגֶען
אֵיין מַאן אֵיין עִבְרִי פוּן זַיינֶע בְּרִידֶער:
12 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
אַהִין אוּנְד אַהֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זֶעהֶען אַז עֶס אִיז קֵיין מֶענְשׁ נִיט דָא,
אַזוֹי הָאט עֶר דֶערְשְׁלָאגֶען דֶעם מִצְרִי
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם פֶערְבָּארְגֶען אִין
דֶעם זַאנְד:
13 אוּנְד עֶר אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען דֶעם
אַנְדֶערְן טָאג, אוּנְד נוּן צְווייא מֶענֶער
עִבְרִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְרִיגְט, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם רָשָׁע, פַאר וָואס
שְׁלָאגְסְט דוּא דַיין גֶעזֶעלֶען?
14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט
דִיךְ גֶעמַאכְט צוּ אֵיין מַאן, אֵיין פִירְשְׁט
אוּנְד אֵיין רִיכְטֶער אִיבֶּער אוּנְס? מֵיינְסְטוּ
מִיךְ צוּ דֶערְשְׁלָאגֶען, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא
דוּא הָאסְט דֶערְשְׁלָאגֶען דֶעם מִצְרִי? אוּנְד
מֹשֶׁה הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, פַארְוָואהְר דִיא זַאךְ אִיז
גֶעקַאנְט גֶעוָוארֶען:
15 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעהֶערְט דִיא
דָאזִיגֶע זַאךְ, אוּנְד עֶר הָאט בֶּעגֶעהְרְט
צוּ דֶערְשְׁלָאגֶען דֶעם מֹשֶׁה, אוּנְד מֹשֶׁה
אִיז עֶנְטְלָאפֶען פוּן פַאר פַּרְעֹה אוּנְד עֶר
הָאט גֶעוואוֹינְט אִין דֶעם לַאנְד מִדְיָן,
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט בֵּייא אֵיין
בְּרוּנֶען:
16 אוּנְד צוּ דֶעם כֹּהֵן פוּן מִדְיָן זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען טֶעכְטֶער, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְ־
גֶעשֶׁעפְּט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶערְפִילְט
דִיא קָארִיטֶעס אָנְצוּטְרִינְקֶען דִיא שָׁאף
פוּן זֵייעֶר פָאטֶער:
17 אוּנְד דִיא פַּאסְטַאכֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא פֶערְטְרִיבֶּען, אוּנְד
מֹשֶׁה אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר הָאט
זֵייא גֶעהָאלְפֶען, אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶע־
טְרוּנְקֶען זֵיירֶע שָׁאף:
18 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ רְעוּאֵל
זֵייעֶר פָאטֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט
וָוארוּם זֵייט אִיהְר הַיינְט אַזוֹי גֶעשְׁווִינְט
גֶעקוּמֶען?
19 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אֵיין
מַאן, אֵיין מִצְרִי, הָאט אוּנְס בֶּעשִׁיצְט
פוּן דִיא הֶענְד פוּן דִיא פַּאסְטַאכֶער, אוּנְד
עֶר הָאט אָנְגֶעשֶׁעפְּט פַאר אוּנְס, אוּנְד
עֶר הָאט אָנְגֶעטְרוּנְקֶען דִיא שָׁאף:
20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע
טֶעכְטֶער, אוּנְד וְואוּ אִיז עֶר? פַאר וָואס
הָאט אִיהְר פֶערלָאזְט דֶעם מַאן? רוּפְט
אִיהְם אַז עֶר זָאל בְּרוֹיט עֶסֶען:
21 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעוָואלְט וְואוֹינֶען
בֵּייא דֶעם מַאן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען
דִיא צִפֹּרָה זַיינֶע טָאכְטֶער צוּ מֹשֶׁה:
22 אוּנְד זִיא הָאט גֶעווִינֶען אֵיין זוּהְן
אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען גֵרְשֹׁם
ווייל עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין אֵיין
פְרֶעמְדֶער גֶעוָוארֶען אִין אֵיין פְרֶעמְד
לַאנְד:
23 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיזֶעלְבֶּע
פִילֶע טֶעג, אַזוֹי אִיז דֶער קֶענִיג פוּן

מִצְרַיִם גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעזִיפְצְט פוּן װעגֶען דֶעם
דִינְסְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען,
אוּנְד זֵייעֶר גֶעשְׁרֵייא אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
צוּ גָאט פוּן װעגֶען דֶעם דִינְסְט׃
24 אוּנְד גָאט הָאט גֶעהֶערְט זֵייעֶר
גֶעשְׁרֵייא, אוּנְד גָאט הָאט גֶעדֶענְקְט זֵיין
בּוּנְד מִיט אַבְרָהָם, מִיט יִצְחָק, אוּנְד
מִיט יַעֲקֹב׃
25 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא קִינְ־
דֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד גָאט הָאט דֶערְקֶענְט׃

## קאפיטעל ג

א אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעהִיט דִיא שָׁאף
פוּן יִתְרוֹ זֵיין שְׁװֶעהֶר, דֶער כֹּהֵן פוּן
מִדְיָן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעפִיהְרְט דִיא שָׁאף
הִינְטֶער דִיא װִיסְטֶע (מִדְבָּר) אוּנְד עֶר אִיז
גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם בַּארְג פוּן גָאט קֵיין
חֹרֵב׃
2 אוּנְד דֶער מַלְאַךְ פוּן גָאט הָאט זִיךְ
בֶּעװִיזֶען צוּ אִיהְם אִין אֵיין פְלַאם פוּן
פֵייעֶר, פוּן צְװִישֶׁען דֶעם דָארְנְבּוּשׁ, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד נוּן דֶער דָארְן
בּוּשׁ הָאט גֶעבְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר, אוּנְד
דֶער דָארְנְבּוּשׁ אִיז נִיט פֶערבְּרֶענְט
גֶעװָארֶען׃
3 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ װִיל
נוּן אָבְקֶעהְרֶען, אוּנְד אִיךְ װִיל זֶעהֶען
דִיא דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע עֶרְשֵׁיינוּנְג, פַאר װָאס
דֶער דָארְנְבּוּשׁ פֶערבְּרֶענְט נִיט׃
4 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר
הָאט אָבְגֶעקֶעהְרְט צוּ זֶעהֶען, אַזוֹי הָאט
גָאט גֶערוּפֶען צוּ אִיהְם פוּן צְװִישֶׁען
דֶעם דָארְנְבּוּשׁ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט
מֹשֶׁה, מֹשֶׁה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט
הִיר בִּין אִיךְ׃
5 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט דוּא זָאלְסְט
נִיט אַהֶער גֶענֶעהְנֶען, צִיה אָב דֵיינֶע
שִׁיךְ פוּן דֵיינֶע פִיס, װָארִין דֶער אָרְט
װָאוּ דוּא שְׁטֵייסְט דְרוֹיף אִיז הֵיילִיגֶעס
לַאנְד׃
6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער
גָאט פוּן דֵיינֶע פֶעטֶער, דֶער גָאט פוּן
אַבְרָהָם, דֶער גָאט פוּן יִצְחָק אוּנְד דֶער
גָאט פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט פֶערְ־
בָּארְגֶען זֵיין אָנְגֶעזִיכְט, װֵייל עֶר הָאט
זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען צוּ קוּקֶען אוֹיף גָאט׃
7 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ הָאבּ
גֶעװִיס גֶעזֶעהֶען דִיא פֵּיין פוּן מֵיין פָאלְק
װָאס אִיז אִין מִצְרַיִם, אוּנְד זֵייעֶר גֶעשְׁרֵייא
הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט פוּן װעגֶען זֵיירֶע
פְלָאגֶערְס, דֶען אִיךְ הָאבּ דֶערְקֶענְט
זֵיירֶע װֵיטָאגֶען׃
8 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אַרָאבּ גֶענִידֶערְט אִיהְם
צוּ בֶּעשִׁיצֶען פוּן דִיא הַאנְד פוּן דִיא
מִצְרַיִם, אוּנְד אִיהְם אַרוֹיף צוּ בְּרֶענְגֶען
פוּן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען לַאנְד, צוּ אֵיין גוּט
אוּנְד בְּרֵייט לַאנְד, צוּ אֵיין לַאנְד װָאס
פְלִיסְט מִיט מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג, צוּ דֶעם
אָרְט פוּן דֶעם כְּנַעֲנִי, אוּנְד דֶעם חִתִּי,
אוּנְד דֶעם אֱמֹרִי, אוּנְד דֶעם פְּרִזִּי, אוּנְד
דֶעם חִוִּי, אוּנְד דֶעם יְבוּסִי׃
9 אוּנְד אַצוּנְד, נוּן דָאס גֶעשְׁרֵייא פוּן
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעקוּמֶען צוּ
מִיר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ גֶעזֶעהֶען דָאס
בֶּעצְװִינְגֶענֶעס מִיט װָאס דִיא מִצְרִים
בֶּעצְװִינְגֶען זֵייא׃
10 אוּנְד אַצוּנְד, גֵייא, אוּנְד אִיךְ װֶעל
דִיךְ שִׁיקֶען צוּ פַּרְעֹה, אוּנְד פִיהְר אַרוֹיס
מֵיין פָאלְק, דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן
מִצְרַיִם׃
11 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט,
װֶער בִּין אִיךְ, אַז אִיךְ זָאל גֵיין צוּ
פַּרְעֹה, אוּנְד אַז אִיךְ זָאל אַרוֹיסְפִיהְרֶען
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן מִצְרַיִם?

12 אונד ער האט געזאגט, איך וועל געווים זיין מיט דיר, אונד דאס דאזיגע זאל זיין דער צייכען צו דיר אז איך האב דיך געשיקט, ווען דוא וועסט ארויספיהרען דאס פאלק פון מצרים אזוי וועט איהר דינען גאט אויף דעם דאזיגען בארג:

13 אונד משה האט געזאגט צו גאט, נון ווען איך וועל קומען צו דיא קינדער ישראל, אונד איך וועל צו זייא זאגען, דער גאט פון אייערע פעטער האט מיך געשיקט צו אייך, אונד זייא וועלען זאגען צו מיר, וואס איז זיין נאמען, וואס זאל איך צו זייא זאגען:

14 אונד גאט האט געזאגט צו משה (אהיה אשר אהיה) איך וועל זיין וועד איך וועל זיין, אונד ער האט געזאגט אזוי זאלסטו זאגען צו דיא קינדער ישראל, א ה י ה האט מיך צו אייך געשיקט:

15 אונד גאט האט נאך איין מאל געזאגט צו משה, אזוי זאלסטו זאגען צו דיא קינדער ישראל, גאט פון אייערע פעטער, גאט פון אברהם, גאט פון יצחק, אונד גאט פון יעקב האט מיך געשיקט צו אייך, דער דאזיגער איז מיין נאמען צו אייביגקייט, אונד דער דאזיגער איז מיין געדעכטניס נאמען צו יעדען דור:

16 גייא, אונד דוא זאלסט איינזאמלען דיא עלצטע פון ישראל, אונד דוא זאלסט צו זייא זאגען, דער גאט פון אייערע פעטער האט זיך בעוויזען צו מיר, גאט פון אברהם, פון יצחק אונד פון יעקב צו זאגען, איך האב אייך געווים געדענקט אונד וואס איז געשעהען צו אייך אין מצרים:

17 אונד איך האב געזאגט, איך וועל אייך ארויף ברענגען פון דיא פיין פון מצרים צו דעם לאנד פון דעם כנעני אונד דעם חתי, אונד דעם אמרי, אונד דעם פריזי אונד דעם חוי אונד דעם יבוסי, צו איין לאנד וואס פליסט מיט מילך אונד האניג:

18 אונד זייא וועלען הארכען צו דיינע שטימע, אונד דוא וועסט קומען, דוא אונד דיא עלצטע פון ישראל צו דעם קעניג פון מצרים, אונד איהר זאלט צו איהם זאגען, גאט פון דיא עברים האט אונס בעגעגענט, אונד אצונד לאז אונס גיין איין וועג פון דרייא טעג רייז אין דיא וויסטע, (מדבר) אונד מיר וועלען אפפערן צו גאט אונזער הער:

19 אונד איך ווייס אז דער קעניג פון מצרים וועט אייך ניט לאזען גיין, אונד ניט דורך איינע שטארקע האנד:

20 אונד איך וועל אויסשטרעקען מיינע האנד, אונד איך וועל שלאגען מצרים מיט אלע מיינע וואונדער וואס איך וועל טהון צווישען איהם, אונד דערנאך וועט ער אייך אוועק שיקען:

21 אונד איך וועל געבען דעם דאזיגען פאלק גנאד אין דיא אויגען פון דיא מצרים, אונד אז איהר וועט גיין, זאלט איהר ניט ליידיג גיין:

22 אונד איטליכע פרויא זאל בארגען פון איהרע נאכבארין (שכנה) אונד פון דער איינוואהנערין פון איהר הויז געפעס פון זילבער אונד געפעס פון גאלד, אונד קליידער, אונד איהר זאלט זייא אנטהון אויף אייערע זיהן אונד אויף אייערע טעכטער, אונד איהר וועט מצרים אויסליידיגען:

## קאפיטעל ד

א אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אוּנְד נוּן זֵייא וֶועלֶען מִיר נִיט גְלֵייבֶּען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען נִיט הֶערֶען אוֹיף מֵיינֶע שְׁטִימֶע, דֶען זֵייא וֶועלֶען זָאגֶען, גָאט הָאט זִיךְ נִיט בֶּע־וִויזֶען צוּ דִיר:

2 אוּנְד גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דָאס דָאזִיגֶע אִין דֵיינֶע הַאנְד? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַיין שְׁטֶעקֶען:

3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וַוארְף אִיהְם אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעוָוארְפֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוָוארֶען צוּ אַיין שְׁלַאנְג, אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אֶנְטְלָאפֶען פוּן פַאר אִיהְר:

4 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, שְׁטְרֶעק אוֹיס דֵיינֶע הַאנְד אוּנְד נֶעם זִיא אָן בֵּייא דֶעם שְׁוַואנְץ, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיינֶע הַאנְד אוּנְד עֶר הָאט זִיא אָנְגֶענוּמֶען, אוּנְד עֶס אִיז גֶע־וָוארֶען צוּ אַיין שְׁטֶעקֶען אִין זֵיינֶע הַאנְד:

5 פוּן וֶועגֶען אַז זֵייא זָאלֶען גְלֵייבֶּען, אַז עֶס הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ דִיר דֶער גָאט פוּן זֵייעֶרֶע פֶּעטֶער, גָאט פוּן אַבְרָהָם, גָאט פוּן יִצְחָק אוּנְד גָאט פוּן יַעֲקֹב:

6 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם נָאךְ אַיינְמָאל, שְׁטֶעק דֵיינֶע הַאנְד אַרַיין אִין דֵיין שׁוֹיס, אוּנְד עֶר הָאט אַרַיין גֶעשְׁטֶעקְט זֵיינֶע הַאנְד אִין זֵיין שׁוֹיס, אוּנְד עֶר הָאט זִיא אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד נוּן זֵיינֶע הַאנְד אִיז גֶעוֶועזֶען קְרֶעצִיג, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא שְׁנֵייא:

7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט קֶעהְר וִוידֶער דֵיינֶע הַאנְד אִין שׁוֹיס אַרַיין, אוּנְד עֶר הָאט וִוידֶערְגֶעקֶעהְרְט זֵיינֶע הַאנְד אִין זֵיין שׁוֹיס אַרַיין, אוּנְד עֶר הָאט זִיא אַרוֹיס גֶעצוֹיגֶען פוּן זֵיין שׁוֹיס אוּנְד נוּן זִיא אִיז וִוידֶער גֶעוָוארֶען גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא זֵיין פְלֵיישׁ:

8 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין וֶוען זֵייא וֶועלֶען דִיר נִיט גְלֵייבֶּען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען נִיט גֶעהָארְכֶען צוּ דִיא שְׁטִימֶע פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען צֵייכֶען, אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא גְלֵיי־בֶּען צוּ דִיא שְׁטִימֶע פוּן דֶעם לֶעצְטֶען צֵייכֶען:

9 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין וֶוען זֵייא וֶועלֶען אוֹיךְ נִיט גְלֵייבֶּען צוּ דִיא דָאזִיגֶע צְוֵוייא צֵייכֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען נִיט הָארְכֶען צוּ דֵיינֶע שְׁטִימֶע, אַזוֹי זָאלְסְטוּ נֶעמֶען פוּן דִיא וַואסֶערְן פוּן דֶעם טֵייךְ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיסְגִיסֶען אוֹיף דִיא טְרוּקְנִים אוּנְד עֶס וֶועלֶען זֵיין דִיא וַואסֶערְן וָואס דוּא וֶועסְט נֶעמֶען פוּן דֶעם טֵייךְ, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען וֶוערֶען צוּ בְּלוּט אוֹיף דֶער טְרוּקְנִים:

10 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט, אִיךְ בֶּעט, מֵיין הַאר, אִיךְ בִּין נִיט אַיין מַאן פוּן וֶוערְטֶער, אוֹיךְ נִיט פוּן גֶעכְטֶען אוֹיךְ נִיט פוּן אֵייעֶרְגֶעכְטֶען, אוֹיךְ נִיט פוּן דֶענְצְמָאל אָן אַז דוּא הָאסְט גֶערֶעדְט מִיט דֵיין קְנֶעכְט, וַוייל אִיךְ בִּין שְׁוֶוער פוּן מוֹיל אוּנְד שְׁוֶוער פוּן צוּנְג:

11 אוּנְד גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט וֶוער הָאט גֶעמַאכְט אַיין מוֹיל צוּ דֶעם מֶענְשֶׁען? אָדֶער וֶוער הָאט גֶעמַאכְט דֶעם שְׁטוּמֶען, אָדֶער דֶעם טוֹיבֶּען, אָדֶער דֶעם וֶועהֶענְדִיגֶען? אָדֶער דֶעם בְּלִינְדֶען? הָאבּ נִיט אִיךְ גָאט?

12 אוּנְד אַצוּנְד גֵייא, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵיין מִיט דֵיין מוֹיל, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ לֶערְנֶען וָואס דוּא זָאלְסְט רֶעדֶען:

13 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט מֵיין הַאר, שִׁיק נוּן דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן דֶעם וָואס דוּא וִוילְסְט שִׁיקֶען:

14 אונד דער צארן פון גאט האט דער־
גרימט קעגען משה, אונד ער האט
געזאגט, איז ניט אהרן דער לוי דיין
ברודער? איך ווייס אז ער קען געוויס
רעדען, אונד אויך נון ער גייט ארויס דיר
אנטקעגען, אונד ווען ער וועט דיך זעהען
אזוי וועט ער זיך פרייען אין זיין הארץ:
15 אונד דוא זאלסט רעדען צו איהם,
אונד דוא זאלסט טהון דיא ווערטער אין
זיין מויל, אונד איך וועל זיין מיט דיין
מויל אונד מיט זיין מויל, אונד איך
וועל אייך לערנען וואס איהר זאלט טהון:
16 אונד ער זאל רעדען פון דיינעט־
וועגען צו דעם פאלק, אונד עס וועט
זיין, ער וועט זיין צו דיר צו איין מויל
אונד דוא וועסט זיין צו איהם אנשטאט
גאט:
17 אונד דעם דאזיגען שטעקען זאלסטו
נעמען אין דיינע האנד, וואס דוא זאלסט
טהון מיט איהם דיא צייכען:
18 אונד משה איז געגאנגען אונד ער
איז צוריק געקעהרט צו יתרו זיין שוועהר
אונד ער האט געזאגט צו איהם, לאז
מיך גיין, איך בעט, אונד איך וועל
ווידערקעהרען צו מיינע ברידער, וואס
זענען אין מצרים, אונד איך וועל זעהען
אויב זייא לעבען נאך, אונד יתרו האט
געזאגט צו משה, גייא מיט פרידען:
19 אונד גאט האט געזאגט צו משה
אין מדין, גייא, קעהר ווידער קיין מצרים,
דען אלע מענער זענען געשטארבען
וואס האבען געטראכט נאך דיין לעבען:
20 אונד משה האט גענומען זיין ווייב
אונד זיינע זיהן, אונד ער האט זייא
געמאכט רייטען אויף דעם אייזעל, אונד
ער איז צוריק געקעהרט צו דעם לאנד
מצרים, אונד משה האט גענומען דעם
שטעקען פון גאט אין זיינע האנד:
21 אונד גאט האט געזאגט צו משה,
ווען דוא גייסט צוריק צו קעהרען קיין
מצרים, זעה אלע וואונדער וואס איך
האב געטהון אין דיינע האנד, אז דוא
זאלסט זייא טהון צו פאר פרעה, אונד
איך וועל שטערקען זיין הארץ, אונד
ער וועט ניט אוועקשיקען דאס פאלק:
22 אונד דוא זאלסט זאגען צו פרעה,
אזוי האט גאט געזאגט, מיין זוהן מיין
עלצטער, איז ישראל:
23 אונד איך זאג צו דיר, שיק אוועק
מיין זוהן, אז ער זאל מיר דינען, אונד
ווען דוא וועסט ניט וועלען איהם אוועק
שיקען, זעה אזוי וועל איך דערשלאגען
דיין זוהן, דיין עלצטען:
24 אונד עס איז געוועזען אויף דעם
וועג אין דער נאכטהערבערגע, אזוי
האט איהם גאט בעגעגענט, אונד ער
האט בעגעהרט איהם צו טייטען:
25 אונד צפרה האט גענומען איין שטיין
אונד זיא האט בעשניטען דיא פארהויט
(ערלה) פון איהר זוהן, אונד זיא האט
געווארפען צו זיינע פיס, אונד זיא האט
געזאגט, דען איין חתן פון בלוט ביסטו
צו מיר:
26 אונד ער האט אבגעלאזט פון איהם
דענצמאל האט זיא געזאגט, איין חתן
פון בלוט, פון וועגען דער בעשניידונג
(מילה):
27 אונד גאט האט געזאגט צו אהרן,
גייא ענטקעגען משה צו דיא וויסטע
אונד ער איז געגאנגען, אונד ער האט
איהם בעגעגענט אויף דעם בארג פון
גאט, אונד ער האט איהם געקישט:
28 אונד משה האט פערציילט צו אהרן
אלע ווערטער פון גאט, וואס ער האט

אִיהְם גֶעשִׁיקְט, אוּנְד אַלֶע צֵייכֶען וָואס
עֶר הָאט אִיהְם גֶעבָאטֶען:
29 אוּנְד משֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען
אוּנְד זַייא הָאבֶען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אַלֶע
עֶלְצְטֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:
30 אוּנְד אַהֲרֹן הָאט גֶערֶעדְט אַלֶע וֶוערְ־
טֶער וָואס גָאט הָאט גֶערֶעדְט צוּ משֶׁה,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דִיא צֵייכֶען פַאר
דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם פָאלְק:
31 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעגְלֵייבְּט,
אוּנְד זַייא הָאבֶען גֶעהֶערְט אַז גָאט הָאט
גֶעדֶענְקְט אָן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אַז
עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען זַייעֶר פֵּיין, אַזוֹי הָא־
בֶּען זַייא זִיךְ גֶענֵייגְט אוּנְד זַייא הָאבֶען
זִיךְ גֶעבּוּקְט:

## קאפיטעל ה

א אוּנְד דֶערְנָאךְ זֶענֶען משֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן
גֶעקוּמֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶען גֶעזָאגְט צוּ
פַּרְעֹה, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל גֶעזָאגְט שִׁיק אַוֶועק מֵיין פָאלְק,
אוּנְד זַייא זָאלֶען מַאכֶען אַ פֵייעֶרְטָאג צוּ
מִיר אִין דֶער וִויסְטֶענֵייא:
2 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז
גָאט אַז אִיךְ זָאל הֶערֶען אוֹיף זַיינֶע שְׁטִים
אַוֶועק צוּ שִׁיקֶען יִשְׂרָאֵל? אִיךְ קֶען גָאט
נִיט, אוּנְד אוֹיךְ יִשְׂרָאֵל וֶועל אִיךְ נִיט
אַוֶועק שִׁיקֶען:
3 אוּנְד זַייא הָאבֶען גֶעזָאגְט, גָאט פוּן
דִיא עִבְרִים הָאט אוּנְס בֶּעגֶעגֶענְט, לָאז
אוּנְס נוּן גֵיין אֵיין וֶועג פוּן דְרֵייא טֶעג
רֵייז אִין דִיא וִויסְטֶע אוּנְד מִיר וֶוע־
לֶען אָפְּפֶערְן צוּם הַאר אוּנְזֶער גָאט,
אַז עֶר זָאל אוּנְס נִיט בֶּעגֶעגֶענֶען מִיט
דִיא פֶּעסְט, אָדֶער מִיט דֶעם שְׁוֶוערְט:
4 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם הָאט
גֶעזָאגְט צוּ זַייא, משֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן, פַאר
וָואס זָאלְט אִיהְר פֶערְשְׁטֶערֶען דָאס
פָאלְק פוּן זַיינֶע אַרְבֵּייט, גֵייט צוּ אֵיירֶע
לַאסְטֶען:
5 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט, נוּן אַצוּנְד
דָאס פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד אִיז פִיל,
אוּנְד אִיהְר מַאכְט זַייא רוּהֶען פוּן
זַיירֶע לַאסְטֶען:
6 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעבָּאטֶען אִין דֶעם
זֶעלְבִּיגֶען טָאג דִיא בֶּעצְווִינְגֶערְס אוּנְטֶער
דֶעם פָאלְק אוּנְד זַיינֶע גֶעוֶועלְטִיגֶער
צוּ זָאגֶען:
7 אִיהְר זָאלְט נִיט מֶעהְר גֶעבֶען קֵיין
שְׁטְרוֹי צוּ דֶעם פָאלְק, צוּ מַאכֶען צִיגֶעל
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גֶעכְטֶען אוּנְד אֵייעֶר־
גֶעכְטֶען, זַייא זָאלֶען אַלֵיין גֵיין, אוּנְד
זָאלֶען שְׁטְרוֹי זַאמְלֶען פַאר זִיךְ:
8 אוּנְד דִיא צָאהל פוּן צִיגֶעל וָואס
זַייא הָאבֶען גֶעמַאכְט גֶעכְטֶען אוּנְד אֵייעֶר
גֶעכְטֶען, זָאלְט אִיהְר לֵייגֶען אוֹיף זַייא
אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְמִינְדֶערְן דַאפוּן,
ווייל זַייא זֶענֶען נָאכְלֶעסִיג, דַארוּם שְׁרֵייעֶן
זַייא צוּ זָאגֶען, לָאז אוּנְס גֵיין מִיר וֶוע־
לֶען אָפְּפֶערְן צוּ אוּנְזֶער גָאט:
9 דֶער דִינְסְט זָאל שְׁוֶוער זַיין אוֹיף
דִיא מֶענֶער, אוּנְד זַייא זָאלֶען אַרְבֵּייטֶען
דְרִינֶען, אַזוֹי וֶועלֶען זַייא זִיךְ נִיט קֶערֶען
נָאךְ וֶוערְטֶער פוּן שֶׁקֶר:
10 אוּנְד דִיא בֶּעצְווִינְגֶערְס פוּן דֶעם
פָאלְק אוּנְד זַיינֶע גֶעוֶועלְטִיגֶער זֶענֶען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶען גֶע־
זָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי
הָאט פַּרְעֹה גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אֵייךְ נִיט
גֶעבֶען קֵיין שְׁטְרוֹי:
11 אִיהְר זָאלְט אַלֵיין גֵיין, גֶעמְט אֵייךְ
שְׁטְרוֹי אַווּאוּ אִיהְר וֶועט עֶס גֶעפִינֶען,
נֵייעֶרְט עֶס וֶועט גָאר נִיט פֶערְמִינְדֶערְט
וֶוערֶען פוּן אֵיירֶע אַרְבֵּייט:
12 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ צוּשְׁפְּרֵייט


אין

אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד מִצְרַיִם צוּ זַאמְלֶען שְׁטָאפֶּעלְן צוּ שְׁטְרוֹי׃

13 אוּנְד דִיא בֶּעצְווִינְגֶערְס הָאבֶּען גֶעדְרוּנְגֶען צוּ זָאגֶען, עֶנְדִיגְט אֵיירֶע אַרְבֵּייט דִיא טֶעגְלִיכֶע אַרְבֵּייט, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא וֶוען עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטְרוֹי׃

14 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען דִיא גֶעוֶועלְטִיגֶער פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, וָואס דִיא בֶּעצְווִינְגֶערְס פוּן פַּרְעֹה הָאבֶּען גֶעשְׁטֶעלְט אִיבֶּער זֵייא, צוּ זָאגֶען, וָוארוּם הָאט אִיהְר נִיט פֶּערְטִיג גֶעמַאכְט נֶעכְטֶען אוּנְד הַיינְט אֵיירֶע גֶעזֶעצְטֶע אַרְבֵּייט, צִיגֶעל צוּ מַאכֶען, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא נֶעכְטֶען אוּנְד אֵייעֶרְנֶעכְטֶען׃

15 אוּנְד דִיא גֶעוֶועלְטִיגֶער פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען צוּ פַּרְעֹה, צוּ זָאגֶען, פַאר וָואס טְהוּסְטוּ אַזוֹי צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט?

16 קֵיין שְׁטְרוֹי אִיז נִיט גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד זֵייא זָאגֶען צוּ אוּנְס, מַאכְט צִיגֶעל, אוּנְד נוּן דֵיינֶע קְנֶעכְט וֶוערֶען גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד דֵיין פָאלְק הָאט גֶעזִינְדִיגְט׃

17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נָאכְלֶעסִיג זֵייט אִיהְר נָאכְלֶעסִיג, דָארוּם זָאגְט אִיהְר לָאז אוּנְס גֵיין וִויר וָואלֶען אָפְּפֶערְן צוּ גָאט׃

18 אוּנְד אַצוּנְד גֵייט אַרְבֵּייטֶען, אוּנְד קֵיין שְׁטְרוֹי זָאל נִיט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ אֵייךְ, אָבֶּער דִיא צָאהְל פוּן צִיגֶעל זָאלְט אִיהְר גֶעבֶּען׃

19 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא גֶעוֶועלְטִיגֶער פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעזֶעהֶען, אַז עֶס אִיז שְׁלֶעכְט מִיט זֵייא, צוּ זָאגֶען, אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְמִינְדֶערְן פוּן אֵיירֶע צִיגֶעל אִיטְלִיכֶען טָאג וֶוערְק אִין זֵיין טָאג׃

20 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֶּעגֶעגֶענְט דֶעם מֹשֶׁה אוּנְד דֶעם אַהֲרֹן אַז זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען עֶנְטְקֶעגֶען זֵייא וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן פַּרְעֹה׃

21 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ זֵייא גָאט זָאל זֶעהֶען אוֹיף אֵייךְ, אוּנְד עֶר זָאל רִיכְטֶען, וֵוייל אִיהְר הָאט גֶעמַאכְט שְׁטִינְקֶען אוּנְזֶער גֶערוּךְ אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן פַּרְעֹה אוּנְד אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן זֵיינֶע קְנֶעכְט, צוּ גֶעבֶּען אֵיין שְׁוֶוערְט אִין זֵייעֶר הַאנְד אוּנְס צוּ דֶערְשְׁלָאגֶען׃

22 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט ווִידֶער גֶעקֶעהְרְט צוּ גָאט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין הַאר, פַאר וָואס הָאסְטוּ שְׁלֶעכְטְס גֶעטְהוּן צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק, פַאר וָואס הָאסְטוּ מִיךְ גֶעשִׁיקְט׃

23 דֶען פוּן דֶענְצְמָאל אָן אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ פַּרְעֹה, צוּ רֵיידֶען אִין דֵיין נָאמֶען, הָאט עֶר שְׁלֶעכְטְס גֶעטְהוּן צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק, אוּנְד דוּא הָאסְט דֵיין פָאלְק גָאר נִיט גֶערֶעטֶעט׃

קאפִּיטעל ו

א אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, אַצוּנְד וֶועסְטוּ זֶעהֶען וָואס אִיךְ וֶועל טְהוּן צוּ פַּרְעֹה, אַז דוּרְךְ אֵיינֶע שְׁטַארְקֶע הַאנְד וֶועט עֶר זֵייא אַוֶועק שִׁיקֶען, אוּנְד דוּרְךְ אֵיינֶע שְׁטַארְקֶע הַאנְד וֶועט עֶר זֵייא פֶערְטְרֵייבֶּען פוּן זֵיין לַאנְד׃

וארא

2 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין גָאט׃

3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ אַבְרָהָם, צוּ יִצְחָק אוּנְד צוּ יַעֲקֹב אַלְס דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶע גָאט (אֵל שַׁדַי), אָבֶּער מִיט מֵיין נָאמֶען (יְהֹוָה) גָאט בִּין אִיךְ נִיט בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען צוּ זֵייא׃

4 אוּנְד אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ בֶּעשְׁטֶעטִיגְט

מֵיין בּוּנְד מִיט זֵייא, צוּ גֶעבֶּען צוּ זֵייא
דָאס לַאנְד כְּנַעַן, דָאס לַאנְד פוּן זֵייעֶר
וַואנְדֶערשַׁאפְט, וְואוּ זֵייא וַוארֶען פְרֶעמְד:
5 אוּנְד אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט דָאס
גֶעשְׁרֵייא פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, וָואס
דִיא מִצְרִים מַאכֶען זֵייא אַרְבֵּייטֶען, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ גֶעדֶענְקְט אָן מֵיין בּוּנְד:
6 דָארוּם זָאג צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
אִיךְ בִּין יְהוָֹה, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ
אַרוֹיס בְּרֶענְגֶען פוּן אוּנְטֶער דִיא לַאסְט
פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ רֶעטֶען
פוּן זֵייעֶר דִינְסְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ
דֶערְלֵייזֶען מִיט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶען אָרֶעם
אוּנְד דוּרְךְ גְרוֹיסֶע גֶערִיכְטֶען:
7 אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ נֶעמֶען צוּ מִיר
צוּ אֵיין פָאלְק, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַיין צוּ
אֵייךְ צוּ אֵיין גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט וִויסֶען
אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה אֵייעֶר גָאט, וָואס הָאט
אֵייךְ אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט פוּן אוּנְטֶער דִיא
לַאסְט פוּן מִצְרַיִם:
8 אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ בְּרֶענְגֶען צוּ
דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
מֵיינֶע הַאנְד עֶס צוּ גֶעבֶּען צוּ אַבְרָהָם,
צוּ יִצְחָק אוּנְד צוּ יַעֲקֹב, אוּנְד אִיךְ וֶועל
עֶס אֵייךְ גֶעבֶּען צוּ אֵיין עֶרְבְּשַׁאפְט, אִיךְ
בִּין גָאט:
9 אוּנְד משֶׁה הָאט אַזוֹי גֶערֶעט צוּ דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט
גֶעהָארְכְט צוּ משֶׁה, פוּן וֶועגֶען קוּרְצֶען
אָטֶעם אוּנְד פוּן וֶועגֶען הַארְטֶען דִינְסְט:
10 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
11 קוּם, רֶעד צוּ פַּרְעֹה, דֶעם קֶענִיג
פוּן מִצְרַיִם, אַז עֶר זָאל אַוֶועק שִׁיקֶען
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן זֵיין לַאנְד:
12 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶערֶעט צוּ פַאר
גָאט צוּ זָאגֶען, נוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען נִיט גֶעהָארְכְט צוּ מִיר. אוּנְד וְוִיא
אַזוֹי זָאל פַּרְעֹה צוּ מִיר גֶעהָארְכֶען, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ פֶערְשְׁטָאפְּטֶע לֶעפְּצֶען:
13 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה
אוּנְד צוּ אַהֲרֹן, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶע־
בָּאטֶען צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד צוּ
פַּרְעֹה דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם, אַרוֹיס
צוּ בְּרֶענְגֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:
14 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא הוֹיפְּט לֵייט
פוּן דֶעם הוֹיז פוּן זֵייעֶרֶע פֶעטֶער, דִיא
זִיהְן פוּן רְאוּבֵן, דֶער עֶלְצְטֶער פוּן יִשְׂרָאֵל,
חֲנוֹךְ אוּנְד פַּלּוּא, חֶצְרוֹן אוּנְד כַּרְמִי,
דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן
רְאוּבֵן:
15 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן שִׁמְעוֹן, יְמוּאֵל
אוּנְד יָמִין אוּנְד אֹהַד אוּנְד יָכִין אוּנְד צֹחַר
אוּנְד שָׁאוּל, דֶער זוּהְן פוּן אֵיינֶע כְּנַעֲנִית,
דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן
שִׁמְעוֹן:
16 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא נֶעמֶען
פוּן דִיא זִיהְן פוּן לֵוִי, צוּ זֵייעֶרֶע גֶעבּוּרְט,
גֵּרְשׁוֹן אוּנְד קְהָת אוּנְד מְרָרִי, אוּנְד דִיא
יָאהְר פוּן דֶעם לֶעבֶּען פוּן לֵוִי זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען הוּנְדֶערְט אוּנְד זִיבֶּען אוּנְד
דְרֵייסִיג יָאהְר:
17 דִיא זִיהְן פוּן גֵּרְשׁוֹן, לִבְנִי אוּנְד שִׁמְעִי,
צוּ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער:
18 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן קְהָת, עַמְרָם אוּנְד
יִצְהָר אוּנְד חֶבְרוֹן אוּנְד עֻזִּיאֵל, אוּנְד
דִיא יָאהְר פוּן דֶעם לֶעבֶּען פוּן קְהָת
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייא
אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר:
19 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן מְרָרִי, מַחְלִי אוּנְד
מוּשִׁי, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעשְׁלֶעכְ־
טֶער פוּן דֶעם לֵוִי צוּ זֵייעֶרֶע גֶעבּוּרְט:
20 אוּנְד עַמְרָם הָאט גֶענוּמֶען דִיא
יוכבד

יוכֶבֶד זַיינֶע מוּמֶע צוּ זִיךְ צוּ אֵיין וַוייבּ,
אוּנְד זִיא הָאט גֶעוָוינֶען צוּ אִיהְם דֶעם
אַהֲרֹן אוּנְד דֶעם מֹשֶׁה, אוּנְד דִיא יָאהְר
פוּן עַמְרָם זֶענֶען גֶעוֶועזֶען הוּנְדֶערְט
אוּנְד זִיבֶּען אוּנְד דְרַייסִיג יָאהְר:
21 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יִצְהָר, קֹרַח אוּנְד
נֶפֶג אוּנְד זִכְרִי:
22 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן עֻזִּיאֵל, מִישָׁאֵל
אוּנְד אֶלְצָפָן אוּנְד סִתְרִי:
23 אוּנְד אַהֲרֹן הָאט גֶענוּמֶען דִיא
אֱלִישֶׁבַע, דִיא טָאכְטֶער פוּן עַמִּינָדָב,
דִיא שְׁוֶועסְטֶער פוּן נַחְשׁוֹן, צוּ זִיךְ צוּ
אֵיין וַוייבּ, אוּנְד זִיא הָאט גֶעוָוינֶען צוּ
אִיהְם, דֶעם נָדָב, אוּנְד דֶעם אֲבִיהוּא דֶעם
אֶלְעָזָר אוּנְד דֶעם אִיתָמָר:
24 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן קֹרַח, אַסִיר אוּנְד
אֶלְקָנָה אוּנְד אֲבִיאָסָף, דִיא דָאזִיגֶע זֶע־
נֶען דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דֶעם קָרְחִי:
25 אוּנְד אֶלְעָזָר דֶער זוּהְן פוּן אַהֲרֹן
הָאט גֶענוּמֶען צוּ זִיךְ פוּן דִיא טֶעכְטֶער
פוּן פוּטִיאֵל צוּ אֵיין וַוייבּ, אוּנְד
זִיא הָאט גֶעוָוינֶען צוּ אִיהְם דֶעם פִּינְחָס,
דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא הוֹיפְּטְלַייט פוּן
דִיא פֶעטֶער פוּן דִיא לְוִים צוּ זַייעֶרֶע
גֶעשְׁלֶעכְטֶער:
26 דָאס אִיז אַהֲרֹן אוּנְד מֹשֶׁה, וָואס
גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַייא בְּרֶענְגְט אַרוֹיס
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם מִיט זַייעֶרֶע הֶערְשָׁארֶען:
27 זַייא זֶענֶען עֶס וָואס הָאבֶּען גֶערֶעט
צוּ פַּרְעֹה, דֶער קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם, אַרוֹיס
צוּבְּרֶענְגֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן
מִצְרַיִם, דָאס אִיז מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן:
28 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
טָאג אַז גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אִין
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:
29 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
צוּ זָאגֶען, אִיךְ בִּין גָאט, רֶעד צוּ פַּרְעֹה
דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם דָאס אַלֶעס וָואס
אִיךְ רֶעד צוּ דִיר:
30 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ פַאר
גָאט, נוּן אִיךְ הָאבּ פֶערְשְׁטָאפְּטֶע לֶעפְּ־
צֶען, אוּנְד וִויא אַזוֹי זָאל פַּרְעֹה צוּ מִיר
גֶעהָארְכֶען?

## קאפיטעל ז

א אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
זֶעה אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעמַאכְט, אֵיין גָאט
צוּ פַּרְעֹה, אוּנְד אַהֲרֹן דֵיין בְּרוּדֶער זָאל
זַיין דֵיין נָבִיא:
2 דוּא זָאלְסְט רֶעדֶען אַלֶעס וָואס אִיךְ
וֶועל דִיר גֶעבִּיטֶען, אוּנְד אַהֲרֹן דֵיין
בְּרוּדֶער זָאל רֶעדֶען צוּ פַּרְעֹה, אַז עֶר
זָאל אַוֶועק שִׁיקֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
פוּן זַיין לַאנְד:
3 אוּנְד אִיךְ וֶועל הַארְט מַאכֶען דָאס
הַארְץ פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד אִיךְ וֶועל מֶע־
רֶען מֵיינֶע צֵייכֶען אוּנְד מֵיינֶע וְואוּנְדֶער
אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:
4 אוּנְד פַּרְעֹה וֶועט נִיט הָארְכֶען צוּ
אַייךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל מֵיינֶע הַאנְד לֵייגֶען
אוֹיף מִצְרַיִם, אוּנְד אִיךְ וֶועל אַרוֹיס
בְּרֶענְגֶען מֵיינֶע הֶערְשָׁארֶען מֵיין פָאלְק
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, פוּן דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם מִיט גְרוֹיסֶע גֶערִיכְטֶען:
5 אוּנְד דִיא מִצְרִים זָאלֶען וִויסֶען אַז
אִיךְ בִּין גָאט, וֶוען אִיךְ נֵייגֶע מֵיין הַאנְד
אוֹיף מִצְרַיִם, אוּנְד אִיךְ וֶועל אַרוֹיס
בְּרֶענְגֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן צְווִישֶׁען
זַייא:
6 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן הָאבֶּען גֶע־
טְהוּן גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט זַייא
גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעטְהוּן:
7 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען אַכְצִיג
יָאהְר, אוּנְד אַהֲרֹן אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען

דְרַייא אוּנְד אַכְצִיג יָאהְר, אַז זַייא הָאבֶּען גֶערֶעט צוּ פַּרְעֹה:

8 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

9 וָוען פַּרְעֹה וֶועט רֶעדֶען צוּ אֵייךְ צוּ זָאגֶען, גִיבְּט אֵיין וְואוּנְדֶערְ־צֵייכֶען, אַזוֹי זָאלְסְטוּ זָאגֶען צוּ אַהֲרֹן, נֶעם דֵיין שְׁטֶעקֶען אוּנְד וַוארְף פַאר פַּרְעֹה, עֶר זָאל וָוערֶען צוּ אֵיינֶע שְׁלַאנְג:

10 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ פַּרְעֹה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטְהוּן, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען אוּנְד אַהֲרֹן הָאט גֶעוָוארְפֶען זַיין שְׁטֶעקֶען צוּ פָאר פַּרְעֹה אוּנְד צוּ פָאר זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוָוארֶען צוּ אֵיינֶע שְׁלַאנְג:

11 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט אוֹיךְ גֶערוּפֶען צוּ דִיא קְלוּגֶע אוּנְד צוּ דִיא צוֹיבֶּערֶער, אוּנְד דִיא צוֹיבֶּערֶער פוּן מִצְרַיִם הָאבֶּען אוֹיךְ אַזוֹי גֶעטְהוּן דוּרְךְ זֵייעֶר צוֹיבֶּערַייא:

12 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעוָוארְפֶען אִיטְלִיכֶער זַיין שְׁטֶעקֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען צוּ שְׁלַאנְגֶען, אָבֶּער דֶער שְׁטֶעקֶען פוּן אַהֲרֹן הָאט פֶערְשְׁלוּנְגֶען זֵייעֶרֶע שְׁטֶעקֶענְס:

13 אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן פַּרְעֹה אִיז שְׁטַארְק גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעהָארְכְט צוּ זַייא, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶערֶעט:

14 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, דָאס הַארְץ פוּן פַּרְעֹה אִיז שְׁוֶוער, עֶר וִויל נִיט אַוֶועק שִׁיקֶען דָאס פָאלְק:

15 גֵייא צוּ פַּרְעֹה אִין דֶעם מָארְגֶען, וָוען עֶר גֵייט אַרוֹיס צוּ דֶעם וַואסֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ שְׁטֶעלֶען עֶנְטְקֶעגֶען אִיהְם, אוֹיף דֶעם בָּארְטֶען פוּן דֶעם טֵייךְ, אוּנְד דֶעם שְׁטֶעקֶען וָואס אִיז פֶערְקֶעהְרְט גֶעוָוארֶען צוּ אֵיין שְׁלַאנְג וָאלְסְטוּ גֶענֶעמֶען אִין דֵיינֶע הַאנְד:

16 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ אִיהְם, דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן דִיא עִבְרִים הָאט מִיךְ צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט צוּ זָאגֶען, שִׁיק אַוֶועק מֵיין פָאלְק אַז זַייא זָאלֶען מִיר דִינֶען אִין דִיא וִויסְטֶע, אוּנְד נוּן דוּא הָאסְט נִיט גֶעהָארְכְט בִּיז אַהֶער:

17 אַזוֹי הָאט גָאט גֶעזָאגְט, מִיט דֶעם דָאזִיגֶען זָאלְסְטוּ וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין גָאט נוּן אִיךְ וֶועל שְׁלָאגֶען מִיט דֶעם שְׁטֶעקֶען וָואס אִיךְ הָאבּ אִין מֵיינֶע הַאנְד אוֹיף דִיא וַואסֶערְן וָואס זֶענֶען אִין דֶעם טֵייךְ, אוּנְד זַייא זָאלֶען פֶערְקֶעהְרְט וֶוערֶען צוּ בְּלוּט:

18 אוּנְד דִיא פִישׁ וָואס זֶענֶען אִין דֶעם טֵייךְ זָאלֶען שְׁטַארְבֶען, אוּנְד דֶער טֵייךְ זָאל שְׁטִינְקֶען, אוּנְד דִיא מִצְרַיִם זָאלֶען זִיךְ עֶקְלֶען צוּ טְרִינְקֶען וַואסֶער פוּן דֶעם טֵייךְ:

19 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, זָאג צוּ אַהֲרֹן, נֶעם דֵיין שְׁטֶעקֶען אוּנְד נֵייג דֵיינֶע הַאנְד אִיבֶּער דִיא וַואסֶערְן פוּן מִצְרַיִם, אִיבֶּער זֵייעֶרֶע טֵייכֶען אוּנְד אִיבֶּער זֵייעֶרֶע בֶּעךְ, אוּנְד אִיבֶּער זֵייעֶרֶע זוּמְפֶּען, אוּנְד אִיבֶּער אִיטְלִיכֶע אֵיינְזַאמְלוּנְג פוּן זֵייעֶרֶע וַואסֶערְן, אוּנְד זַייא זָאלֶען וֶוערֶען בְּלוּט, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין בְּלוּט אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד אִין הִילְצֶערְן אוּנְד אִין שְׁטֵיינֶערְן גֶעפֶעס:

20 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטְהוּן, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם שְׁטֶעקֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דִיא וַואסֶערֶען וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם טֵייךְ פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן פַּרְעֹה אוּנְד פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן זַיינֶע

קְנֶעכְט, אוּנְד עֶס זֶענֶען פֶערְקֶעהְרֶט
גֶעוָוארֶען צוּ בְּלוּט אַלֶע וַואסֶערְן וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם טַייךְ׃

21 אוּנְד דִיא פִישׁ וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אִין דֶעם טַייךְ, זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד
דֶער טַייךְ הָאט גֶעשְׁטוּנְקֶען, אוּנְד דִיא
מִצְרַיִם הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט טְרִינְקֶען
וַואסֶער אוֹיס דֶעם טַייךְ, אוּנְד דָאס
בְּלוּט אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם גַאנְצֶען
לַאנְד מִצְרַיִם׃

22 אוּנְד דִיא צוֹיבֶּערֶער פוּן מִצְרַיִם
הָאבֶּען אַזוֹי גֶעמַאכְט מִיט זֵיירֶע צוֹיבֶּער־
רַייא, אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן פַּרְעֹה אִיז
שְׁטַארְק גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט נִיט
גֶעהָארְכְט צוּ זֵייא, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט
הָאט גֶערֶעט׃

23 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרט
אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זֵיין הויז, אוּנְד
עֶר הָאט אוֹיךְ דִיזֶעס נִיט צוּ זֵיין הַארְץ
צוּגֶעטְהוּן׃

24 אוּנְד אַלֶע מִצְרִים הָאבֶּען גֶעגְרָאבֶּען
רִינְגְס אוּם דֶעם טַייךְ, נָאךְ וַואסֶער צוּ
טְרִינְקֶען, דֶען זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט
טְרִינְקֶען פוּן דִיא וַואסֶערְן פוּן דֶעם טַייךְ׃

25 אוּנְד זִיבֶּען טֶעג זֶענֶען דֶערְפִילְט
גֶעוָוארֶען, נָאכְדֶעם אַז גָאט הָאט גֶער־
שְׁלָאגֶען דֶעם טַייךְ׃

26 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה
קוּם צוּ פַּרְעֹה, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען
צוּ אִיהְם, אַזוֹי הָאט גָאט גֶעזָאגְט, שִׁיק
אַוֶועק מֵיין פָאלְק אַז זֵייא זָאלֶען מִיר
דִינֶען׃

27 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט וֶועלֶען
אַוֶועק שִׁיקֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ שְׁלָאגֶען
דֵיינֶע גַאנְצֶע גְרֶענֶעץ מִיט פְרֶעשׁ׃

28 אוּנְד דֶער טַייךְ זָאל ווִימְלֶען פְרֶעשׁ
אוּנְד זֵייא זָאלֶען אוֹיפְגֵיין אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען קוּמֶען אִין דֵיין הויז אַרֵיין, אוּנְד
אִין דֵיינֶע שְׁלָאף קַאמֶער, אוּנְד אוֹיף דֵיין
בֶּעט, אוּנְד אִין דֶעם הויז פוּן דֵיינֶע
קְנֶעכְט, אוּנְד אִין דֵיין פָאלְק, אוּנְד אִין
דֵיינֶע בַּאק אוֹיפֶען אוּנְד אִין דֵיינֶע זוֹיעֶר
קְנֶעט׃

29 אוּנְד אָן דִיר אוּנְד אָן דֵיין פָאלְק
אוּנְד אָן אַלֶע דֵיינֶע קְנֶעכְט זָאלֶען דִיא
פְרֶעשׁ אוֹיפְגֵיין׃

## קאפיטעל ח

א אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
זָאג צוּ אַהֲרֹן, נֵייג דֵיינֶע הַאנְד מִיט דֵיין
שְׁטֶעקֶען אוֹיף דִיא בֶּעךְ, אוֹיף דִיא טֵיי־
כֶען אוּנְד אוֹיף דִיא זוּמפְּפֶען, אוּנְד מַאךְ
אוֹיפְגֵיין דִיא פְרֶעשׁ אוֹיף דָאס לַאנְד
מִצְרַיִם׃

2 אוּנְד אַהֲרֹן הָאט גֶענֵייגְט זֵיינֶע הַאנְד
אוֹיף דִיא וַואסֶערְן פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד דִיא
פְרֶעשׁ זֶענֶען אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען בֶּעדֶעקְט דָאס לַאנְד מִצְרַיִם׃

3 אוּנְד דִיא צוֹיבֶּערֶער הָאבֶּען גֶעמַאכְט
אַזוֹי מִיט זֵיירֶע צוֹיבֶּערַייא, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דִיא פְרֶעשׁ אוֹיף
דֶעם לַאנְד מִצְרָיִם׃

4 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶערוּפֶען צוּ מֹשֶׁה
אוּנְד צוּ אַהֲרֹן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
בֶּעטֶעט צוּ גָאט אַז עֶר זָאל אָפּטְהוּן
דִיא פְרֶעשׁ פוּן מִיר אוּנְד פוּן מֵיין
פָאלְק, אוּנְד אִיךְ וֶועל אַוֶועק שִׁיקֶען דָאס
פָאלְק, אַז זֵייא זָאלֶען אָפְּפֶערְן צוּ גָאט׃

5 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ פַּרְעֹה,
בֶּערִיהְם דִיךְ אִיבֶּער מִיר, אוֹיף וֶוען זָאל
אִיךְ בֶּעטֶען פַאר דִיר, אוּנְד פַאר דֵיינֶע
קְנֶעכְט אוּנְד פַאר דֵיין פָאלְק, צוּ פֶערְ־
טִילְגֶען דִיא פְרֶעשׁ פוּן דִיר אוּנְד פוּן
דֵיינֶע הַייזֶער, נַייעֶרְט אִין דֶעם טַייךְ
זָאלֶען זֵייא אִיבֶּערבְּלֵייבֶּען;

6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אוֹיף מָארְ־
גֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט עֶס זָאל זַיין
גְלַייךְ אַזוֹי וִויא דַיין וָוארט, פוּן וֶועגֶען
אַז דוּא זָאלְסְט וִויסֶען, אַז קֵיינֶער אִיז
נִיט גְלַייךְ אַזוֹי וִויא יהוה אוּנְזֶער גָאט:
7 אוּנְד דִיא פְרֶעשׁ זָאלֶען זִיךְ אָפְּטְהוּן
פוּן דִיר אוּנְד פוּן דַיינֶע הֵייזֶער, אוּנְד
פוּן דַיינֶע קְנֶעכְט אוּנְד פוּן דַיין פָאלְק
נַייעֶרְט אִין דֶעם טַייךְ זָאלֶען זַייא אִיבֶּער
בְּלַייבֶּען:
8 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן זֶענֶען אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען פוּן פַּרְעֹה אוּנְד מֹשֶׁה הָאט
גֶעשְׁרִיגֶען צוּ גָאט פוּן וֶועגֶען דִיא פְרֶעשׁ
וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן אוֹיף פַּרְעֹה:
9 אוּנְד גָאט הָאט גֶעטְהוּן גְלַייךְ אַזוֹי
וִויא דָאס וָוארְט פוּן מֹשֶׁה, אוּנְד דִיא
פְרֶעשׁ זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען פוּן דִיא הֵייז־
זֶער אוּנְד פוּן דִיא הֵייף אוּנְד פוּן דִיא
פֶעלְדֶער:
10 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא גֶעזַאמֶעלְט
הוֹיפֶען־וַוייז, אוּנְד דָאס לַאנְד הָאט
גֶעשְׁטוּנְקֶען:
11 וֶוען פַּרְעֹה הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶס
אִיז דֶערְוַוייטֶערוּנְג גֶעוָוארֶען, אַזוֹי הָאט
עֶר שְׁוֶוער גֶעמַאכְט זַיין הַארְץ, אוּנְד
עֶר הָאט נִיט גֶעהָארְכְט צוּ זַייא, גְלַייךְ
אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶערֶעט:
12 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
זָאג צוּ אַהֲרֹן, נֵייג דַיין שְׁטֶעקֶען אוּנְד
שְׁלָאג דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד
עֶס זָאל וֶוערֶען צוּ כִּנִים אִין דֶעם גַאנְ־
צֶען לַאנְד מִצְרַיִם:
13 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטְהוּן,
אוּנְד אַהֲרֹן הָאט גֶענֵייגְט זַיינֶע הַאנְד מִיט
זַיין שְׁטֶעקֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען
דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶס
אִיז גֶעוָוארֶען כִּנִים אוֹיף מֶענְשֶׁען אוּנְד
אוֹיף בְּהֵמוֹת, דֶער גַאנְצֶער שְׁטוֹיבּ פוּן
דֶער עֶרְד אִיז גֶעוָוארֶען כִּנִים אִין דֶעם
גַאנְצֶען לַאנְד מִצְרַיִם:
14 אוּנְד דִיא צוֹיבֶּערֶער הָאבֶּען אַזוֹי
גֶעמַאכְט מִיט זֵייעֶרֶע צוֹיבֶּערַייא, דִיא
כִּנִים אַרוֹיס צוּ בְּרֶענְגֶען, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט, אוּנְד דִיא כִּנִים
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף מֶענְשֶׁען אוּנְד אוֹיף
בְּהֵמוֹת:
15 אוּנְד דִיא צוֹיבֶּערֶער הָאבֶּען גֶעזָאגְט
צוּ פַּרְעֹה, עֶס אִיז דֶער פִינְגֶער פוּן גָאט
אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן פַּרְעֹה אִיז שְׁטַארְק
גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעהָארְכְט
צוּ זַייא גְלַייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶערֶעט:
16 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
שְׁטֵייא אוֹיף פְרִיה אִין דֶעם מָארְגֶען,
אוּנְד שְׁטֶעל דִיךְ צוּ פַאר פַּרְעֹה, נוּן עֶר
גֵייט אַרוֹיס צוּ דֶעם וַואסֶער, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט צוּ אִיהְם זָאגֶען, אַזוֹי הָאט גָאט
גֶעזָאגְט, שִׁיק אַוֶועק מֵיין פָאלְק אַז זַייא
זָאלֶען מִיר דִינֶען:
17 נַייעֶרְט וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט אַוֶועק
שִׁיקֶען מֵיין פָאלְק, וֶועה וֶועל אִיךְ שִׁיקֶען
אוֹיף דִיר, אוּנְד אוֹיף דַיינֶע קְנֶעכְט,
אוּנְד אוֹיף דַיין פָאלְק, אוּנְד אִין דַיינֶע
הֵייזֶער, דִיא גֶעמִישׁוּנְג, אוּנְד דִיא הֵייזֶער
פוּן דִיא מִצְרִים זָאלֶען פוּל זַיין פוּן דִיא
גֶעמִשׁוּנְג אוּנְד אוֹיךְ דָאס לַאנְד וָואס
זַייא זֶענֶען דְרוֹיף:
18 אוּנְד אִיךְ וֶועל אָבְּשֵׁיידֶען אִין דֶעם
זֶעלְבִּיגֶען טָאג דָאס לַאנְד גֹשֶׁן, וָואס מֵיין
פָאלְק שְׁטֶעהְט דְרוֹיף, אַז עֶס זָאל קֵיין
גֶעמִישׁוּנְג נִיט זַיין דָארְטֶען, פוּן וֶועגֶען
אַז דוּא זָאלְסְט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין גָאט
אִין דֶעם לַאנְד:
19 אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען אֵיינֶע שֵׁיידוּנְג
צְווִישֶׁען מֵיין פָאלְק אוּנְד צְווִישֶׁען דַיין

פָאלְק, אויךְ מָארְגֶען זָאל זַיין דָאס דָאזִיגֶע צֵייכֶען :

20 אונְד גָאט הָאט אַזוי גֶעטְהוּן, אונְד אֵיינֶע שְׁוֶוערֶע גֶעמִישׁוּנְג אִיז אַרַיין גֶעקוּמֶען אִין דֶעם הויז פוּן פַּרְעה, אוּנְד אִין דֶעם הויז פוּן זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד אִין דָאס גַאנְצֶע לַאנְד מִצְרַיִם, דִיא עֶרְד אִיז פֶערְדָארְבֶּען גֶעוָוארֶען פוּן וֶועגֶען דֶער גֶעמִישׁוּנְג :

21 אוּנְד פַּרְעה הָאט גֶערוּפֶען צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֵייט, אָפְּפֶערְט צוּ אֵייעֶר גָאט אִין דֶעם לַאנְד :

22 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נִיט רֶעכְט אַזוי צוּ טְהוּן, דֶען דִיא אוּמְווירְדִיקַייט פוּן מִצְרַיִם וֶועלֶען מִיר אָפְּפֶערֶן צוּם הַאר אוּנְזֶער גָאט, נוּן וֶוען מִיר וֶועלֶען אָפְּפֶערֶן דִיא אוּמְוִוירְדִיקַייט פוּן מִצְרַיִם פַאר זַייעֶרֶע אויגֶען, אוּנְד וֶועלֶען זַייא אוּנְס נִיט פֶערְשְׁטֵיינִיגֶען ?

23 אֵיין וֶועג פוּן דְרַייא טֶעג רַייז וֶועלֶען מִיר גֵיין, אִין דִיא וִויסְטֶעניִי, אוּנְד מִיר וֶועלֶען אָפְּפֶערֶן צוּ גָאט אוּנְזֶער הַאר, גְלֵייךְ אַזוי וִויא עֶר וֶועט אוּנְס זָאגֶען :

24 אוּנְד פַּרְעה הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַוֶועק שִׁיקֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אָפְּפֶערֶן צוּם הַאר אֵייעֶר גָאט אִין דִיא מִדְבָּר, נֵייעֶרְט אִיהְר זָאלְט נִיט גָאר צוּ וַוייט אַוֶועק גֵיין, בֶּעט פַאר מִיר :

25 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, נוּן, אִיךְ גֵייא אַרוֹיס פוּן דִיר, אַזוי אִיךְ וֶועל בֶּעטֶען צוּ גָאט אַז דִיא גֶעמִישׁוּנְג זָאל זִיךְ אָפְּטְהוּן פוּן פַּרְעה, פוּן זַיינֶע קְנֶעכְט אוּנְד פוּן זַיין פָאלְק, מָארְגֶען, נֵייעֶרְט פַּרְעה זָאל מִיךְ נִיט מֶעהְר בֶּעטְרִיגֶען, נִיט אַוֶועק צוּ שִׁיקֶען דָאס פָאלְק צוּ אָפְּפֶערֶן צוּ גָאט :

26 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן פַּרְעה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ גָאט :

27 אוּנְד גָאט הָאט גֶעטְהוּן גְלֵייךְ אַזוי וִויא דָאס וָוארְט פוּן מֹשֶׁה, אוּנְד דִיא גֶעמִישׁוּנְג הָאט זִיךְ אָפְּגֶעטְהוּן פוּן פַּרְעה, פוּן זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד פוּן זַיין פָאלְק, עֶס אִיז נִיט קֵיין אֵיינְצִיגֶער אִיבְּרִיג גֶעבְּלִיבֶּען :

28 אוּנְד פַּרְעה הָאט שְׁוֶוער גֶעמַאכְט זַיין הַארְץ אויךְ דָאס דָאזִיגֶע מָאל, אוּנְד עֶר הָאט נִיט אַוֶועק גֶעשִׁיקְט דָאס פָאלְק :

## קאפיטעל ט

א אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, קוּם צוּ פַּרְעה, אוּנְד דוּא זָאלְסְט רֶעדֶען צוּ אִיהְם, אַזוי הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר גָאט פוּן דִיא עִבְרִים, שִׁיק אַוֶועק מֵיין פָאלְק, אַז זַייא זָאלֶען מִיר דִינֶען :

2 דֶען וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט וֶועלֶען אַוֶועק שִׁיקֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט נָאךְ הַאלְטֶען אָן זַייא :

3 זֶעה דִיא הַאנְד פוּן גָאט וֶועט זַיין אָן דַיין פִיךְ וָואס אִיז אִין דֶעם פֶעלְד, אָן דִיא פֶערְד, אָן דִיא אֵייזְלֶען, אָן דִיא קֶעמֶעלְן, אָן דִיא רִינְדֶער, אוּנְד אָן דִיא שָׁאף, אֵיינֶע זֶעהְר שְׁוֶוערֶע פֶעסְט :

4 אוּנְד גָאט וֶועט אָפְּשֵׁיידֶען צְוִוישֶׁען דֶעם פִיךְ פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד צְוִוישֶׁען דֶעם פִיךְ פוּן מִצְרַיִם, אַז עֶס זָאל נִיט שְׁטֶערְבֶּען פוּן אַלֶעם וָואס אִיז צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גָאר נִיט :

5 אוּנְד גָאט הָאט גֶעשְׁטֶעלְט אֵיינֶע גֶעזֶעצְטֶע צֵייט צוּ זָאגֶען, מָארְגֶען וֶועט גָאט טְהוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ אִין דֶעם לַאנְד :

6 אוּנְד גָאט הָאט גֶעטְהוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ אָן דֶעם מָארְגֶען, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע

פִיךְ פוּן מִצְרַיִם אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אָבֶּער
פוּן דֶעם פִיךְ פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
אִיז נִיט קֵיין אֵיינְצִיגֶעס גֶעשְׁטָארְבֶּען:
7 אוּנְד פַּרְעה הָאט גֶעשִׁיקְט, אוּנְד זֶעה
קֵיין אֵיינְצִיגֶעס פוּן דֶעם פִיךְ פוּן יִשְׂרָאֵל
אִיז נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד דָאס הַארְץ
פוּן פַּרְעה אִיז שְׁוֶוער גֶעוָוארֶען, אוּנְד
עֶר הָאט נִיט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט דָאס פָאלְק:
8 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ משֶׁה
אוּנְד צוּ אַהֲרֹן, נֶעמְט אֵייךְ אֵייעֶרֶע הוֹיי־
פֶען פוּל פוּן אַשׁ פוּן דֶעם קַאלְךְ אוֹיפֶען
אוּנְד משֶׁה זָאל עֶס וַוארְפֶען קֶעגֶען דֶעם
הִימֶעל פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן פַּרְעה:
9 אוּנְד עֶס זָאל וֶוערֶען צוּ שְׁטוֹיבּ אוֹיף
דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד עֶס וֶועט
זַיין אוֹיף מֶענְשֶׁען, אוּנְד אוֹיף בְּהֵמוֹת,
צוּ גְרִינְד אוֹיסְשְׁלַאגֶענְדֶע בְּלָאטֶערְן, אִין
דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד מִצְרַיִם:
10 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען דִיא אַשׁ
פוּן דֶעם קַאלְךְ אוֹיפֶען, אוּנְד זֵייא הָא־
בֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט צוּ פַאר פַּרְעה, אוּנְד
משֶׁה הָאט עֶס גֶעוָוארְפֶען קֶעגֶען דֶעם
הִימֶעל, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוָוארֶען גְרִינְד
פוּן בְּלָאטֶערְן, אוֹיסְשְׁלָאגֶענְד אוֹיף מֶענְ־
שֶׁען אוּנְד אוֹיף בְּהֵמוֹת:
11 אוּנְד דִיא צוֹיבֶּערֶער הָאבֶּען נִיט
גֶעקָאנְט שְׁטֵיין צוּ פַאר משֶׁה, פוּן
וֶועגֶען דֶעם גְרִינְד, ווייל דֶער גְרִינְד אִיז
גֶעוֶועזֶען אוֹיף דִיא צוֹיבֶּערֶער אוּנְד
אוֹיף גַאנְץ מִצְרַיִם:
21 אוּנְד גָאט הָאט גֶעשְׁטֶערְקְט דָאס
הַארְץ פוּן פַּרְעה, אוּנְד עֶר הָאט נִיט
גֶעהַארְכְט צוּ זֵייא, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט
הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה:
13 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ משֶׁה,
שְׁטֵייא אוֹיף פְּרִיה אִין דֶעם מָארְגֶען
אוּנְד שְׁטֶעל דִיךְ צוּ פַאר פַּרְעה, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהם זָאגֶען, אַזוֹי הָאט
גֶעזָאגְט דֶער הַאר, גָאט פוּן דִיא עִבְרִים,
שִׁיק אַוֶועק מֵיין פָאלְק אַז זֵייא זָאלֶען
מִיר דִינֶען:
14 דֶען דָאס דָאזִיגֶע מָאל וֶועל אִיךְ
שִׁיקֶען אַלֶע מֵיינֶע פְּלָאגֶען צוּ דֵיין הַארְץ
אוּנְד אוֹיף דֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד אוֹיף
דֵיין פָאלְק, פוּן וֶועגֶען אַז דוּא זָאלְסְט
ווִיסֶען, אַז קֵיינֶער אִיז נִיט גְלֵייךְ אַזוֹי
וִויא אִיךְ אוֹיף דֶער גַאנְצֶען עֶרְד:
15 דֶען אַצוּנְד הֶעט אִיךְ אוֹיסְגֶע־
שְׁטְרֶעקְט מֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד אִיךְ הֶעט
דִיךְ דֶערְשְׁלָאגֶען, אוּנְד דֵיין פָאלְק, מִיט
דִיא פֶּעסְט, אוּנְד דוּא וָואלְסְט פֶערְ־
טִילִיגְט גֶעוָוארֶען פוּן דֶער עֶרְד:
16 אָבֶּער פַאר וָואהְר, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען
הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט, פוּן וֶועגֶען אַז
אִין דִיר זָאל גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען מֵיינֶע קְרַאפְט
אוּנְד פוּן וֶועגֶען צוּ פֶערְצֵיילֶען מֵיין
נָאמֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד:
17 נָאךְ ווִידֶערְשְׁטֵייסְט דוּא דִיךְ גֶעגֶען
מֵיין פָאלְק, אַז דוּא ווִילְסְט זֵייא נִיט
אַוֶועק שִׁיקֶען:
18 זֶעה אִיךְ וֶועל מַאכֶען רֶעגְנֶען מָארְ־
גֶען אִין דִיזֶער צֵייט, אֵיין זֶעהְר שְׁוֶוערֶען
הָאגֶעל, וָואס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ
אַזוֹי וִויא עֶר אִין מִצְרַיִם, פוּן דֶעם טָאג
אַז עֶס אִיז גֶעגְרִינְדֶעט גֶעוָוארֶען בִּיז
אַצוּנְד:
19 אוּנְד אַצוּנְד שִׁיק זַאמֶעל אֵיין דֵיין
פִיךְ אוּנְד אַלֶעס וָואס דוּא הָאסְט אוֹיף
דֶעם פֶעלְד, אַלֶע מֶענְשֶׁען אוּנְד בְּהֵמוֹת
וָואס גֶעפִינְט זִיךְ אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד
וָואס עֶס וֶועט נִיט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶוער־
רֶען אִין דֶעם הוֹיז אַרֵיין, אַזוֹי זָאל דֶער
הָאגֶעל אַרָאפּ פַאלֶען אוֹיף זֵייא, אוּנְד
זֵייא זָאלֶען שְׁטַארְבֶּען:

20 דֶער פוּן דִיא קְנֶעכְט פוּן פַּרְעֹה, וָואס הָאט גֶעפָארְכְטֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט, הָאט גֶעמַאכְט עֶנְטלוֹיפֶען זַיינֶע קְנֶעכְט אוּנְד זַיין פִיךְ, אִין דִיא הַייזֶער אַרַיין:

21 אוּנְד דֶער וָואס הָאט נִיט גֶעטְהוּן זַיין הַארְץ צוּ דֶעם וָוארְט פוּן גָאט, אַזוֹי הָאט עֶר פֶערְלָאזְט זַיינֶע קְנֶעכְט אוּנְד זַיין פִיךְ אוֹיף דֶעם פֶעלְד:

22 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, נֵייג דַיין הַאנְד קֶעגֶען דֶעם הִימֶעל, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין הָאגֶעל אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד מִצְרַיִם, אוֹיף מֶענְשֶׁען אוּנְד אוֹיף בְּהֵמוֹת, אוּנְד אוֹיף אַלֶעם קְרוֹיט פוּן דֶעם פֶעלְד אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:

23 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענֵייגְט זַיין שְׁטֶעקֶען קֶעגֶען הִימֶעל, אוּנְד גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען דוּנֶער אוּנְד הָאגֶעל, אוּנְד דָאס פַייעֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא עֶרְד, אוּנְד גָאט הָאט גֶעמַאכְט רֶעגְנֶען הָאגֶעל אוֹיף דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:

24 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען הָאגֶעל אוּנְד פְלַאקֶערְדִיג פַייעֶר צְווִישֶׁען דֶעם הָאגֶעל זֶעהְר שְׁוֶוער, וָואס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען גְלַייךְ אַזוֹי וִויא עֶר אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד מִצְרַיִם, פוּן דֶער צַייט אָן אַז עֶס אִיז גֶעוָוארֶען צוּ אֵיין פָאלְק:

25 אוּנְד דֶער הָאגֶעל הָאט עֶרְשְׁלָאגֶען אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד מִצְרַיִם, אַלֶעס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד, פוּן מֶענְשֶׁען בִּיז פִיךְ, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע קְרוֹיט פוּן דֶעם פֶעלְד הָאט דֶער הָאגֶעל גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד אַלֶע בֵּיימֶער פוּן דֶעם פֶעלְד הָאט עֶר צוּבְּרָאכֶען:

26 נֵייעֶרְט אִין דֶעם לַאנְד גֹשֶׁן, וְואוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, אִיז קַיין הָאגֶעל נִיט גֶעוֶועזֶען:

27 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעשִׁיקְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט דָאס מָאל, גָאט אִיז דֶער גֶערֶעכְטֶער, אוּנְד אִיךְ אוּנְד מַיין פָאלְק זֶענֶען דִיא רְשָׁעִים:

28 בֶּעטֶעט צוּ גָאט, דֶען עֶס אִיז גֶענוּג, אַז עֶס זָאל נִיט מֶעהְר זַיין דִיא דוּנֶער פוּן גָאט אוּנְד הָאגֶעל, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַוֶועק שִׁיקֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט מֶעהְר בְּלֵייבֶּען:

29 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם, אַז אִיךְ וֶועל אַרוֹיס גֵיין פוּן דֶער שְׁטָאט וֶועל אִיךְ אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען מֵיינֶע הַאנְד צוּ גָאט, אַז דֶער דוּנֶער זָאל אוֹיפְהֶערֶען, אוּנְד דֶער הָאגֶעל זָאל נִיט מֶעהְר זַיין, פוּן וֶועגֶען אַז דוּא זָאלְסְט וִויסֶען, אַז צוּ גָאט גֶעהֶערְט דִיא עֶרְד:

30 אוּנְד דוּא אוּנְד דֵיינֶע קְנֶעכְט—אִיךְ ווייס אַז אִיהְר וֶועט אֵייךְ נָאךְ נִיט פָארְכְטֶען פַאר דֶעם הַאר גָאט:

31 אוּנְד דֶער פְלַאקְס אוּנְד דִיא גֶערְשְׁטֶען זֶענֶען גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען, דֶען דִיא גֶערְשְׁטֶען אִיז גֶעוֶועזֶען צֵייטִיג אוּנְד דֶער פְלַאקְס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין שְׁטַאנְגֶען:

32 אָבֶּער דֶער וַוייץ אוּנְד דֶער טוּנְקֶעל וַוייץ זֶענֶען נִיט גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען, דֶען זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוּמְצֵייטִיג:

33 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן פַּרְעֹה אוֹיס דֶער שְׁטָאט, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט זַיינֶע הֶענְד צוּ גָאט, אַזוֹי הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶערְט דִיא דוּנֶער אוּנְד דֶער הָאגֶעל, אוּנְד דֶער רֶעגֶען אִיז נִיט גֶעגָאסֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דִיא עֶרְד:

34 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דֶער רֶעגֶען, דֶער הָאגֶעל, אוּנְד דִיא דוּנֶער, הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט



ער

עֶר גֶעמֶעהֶרט צוּ זִינְדִיגֶען, אוּנְד עֶר הָאט
שְׁוֶוער גֶעמַאכְט זַיין הַארְץ. עֶר אוּנְד
זַיינֶע קְנֶעכְט:
35 אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן פַּרְעה אִיז
שְׁטַארְק גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט נִיט
אַוֶועק גֶעשִׁיקְט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
גְלֵייך אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶערֶעט דוּרְך
מֹשֶׁה:

קאפּיטעל י

א אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
קוּם צוּ פַּרְעה. דֶען אִיך הָאבּ שְׁוֶוער
גֶעמַאכְט זַיין הַארְץ, אוּנְד דָאס הַארְץ
פוּן זַיינֶע קְנֶעכְט, פוּן וֶועגֶען אַז אִיך
זָאל טְהוּן דִיא דָאזִיגֶע, מֵיינֶע צֵייכֶען
אִין אִיהְם:
2 אוּנְד פוּן וֶועגֶען אַז דוּא זָאלְסְט
פֶערְצֵיילֶען אִין דִיא אוֹירֶען פוּן דֵיין זוּהְן
אוּנְד דֵיין זוּהְנ'ס זוּהְן, וָואס אִיך הָאבּ
גְרוֹיסֶעס גֶעטְהוּן אִין מִצְרַיִם אוּנְד מֵיינֶע
צֵייכֶען וָואס אִיך הָאבּ גֶעטְהוּן אָן זֵייא,
אוּנְד אִיהְר זָאלְט וִויסֶען אַז אִיך בִּין גָאט:
3 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אהרן זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען צוּ פַּרְעה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער
גָאט פוּן דִיא עִבְרִים, בִּיז וִויא לַאנְג
ווילסְטוּ דִיך נִיט אוּנְטֶערְטֶענִיגֶען פַאר
מִיר, שִׁיק אַוֶועק מֵיין פָאלְק אַז זֵייא
זָאלֶען מִיר דִינֶען:
4 אָבֶּער וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט וֶועלֶען
אַוֶועק שִׁיקֶען מֵיין פָאלְק, נוּן וֶועל אִיך
בְּרֶענְגֶען מָארְגֶען הֵיישְׁרֶעקֶען אִין דֵיינֶע
גְרֶענֶעץ:
5 אוּנְד עֶר זָאל בֶּעדֶעקֶען דָאס גֶעשֵׁיין
פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד מַאן וֶועט נִיט
קֶענֶען זֶעהְן דָאס לַאנְד, אוּנְד עֶר וֶועט
אוֹיף פְרֶעסֶען דָאס אִיבְּרִיגֶע פוּן דִיא
עֶנְטְרִינוּנְג, וָואס אִיז אִיבֶּער גֶעבְּלִיבֶּען
צוּ אֵייך פוּן דֶעם הָאגֶעל, אוּנְד עֶר
וֶועט אוֹיף פְרֶעסֶען אַלֶע בֵּיימֶער וָואס
שְׁפְּרָאצְט צוּ אֵייך אוֹיף דֶעם פֶעלְד:
6 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דֶערְפִילֶען דֵיינֶע
הֵייזֶער, אוּנְד דִיא הֵייזֶער פוּן אַלֶע
דֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד דִיא הֵייזֶער פוּן
אַלֶע מִצְרִים, וָואס דֵיינֶע פֶעטֶער הָאבֶּען
נִיט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד דֵיינֶע פֶעטֶער'ס
פֶעטֶער, פוּן דֶעם טָאג אָן אַז זֵייא זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט בִּיז אוֹיף דֶעם
דָאזִיגֶען טָאג, אוּנְד עֶר הָאט זִיך אַוֶועק
גֶעקֶעהְרְט, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנ־
גֶען פוּן פַּרְעה:
7 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן פַּרְעה הָאבֶּ־
בֶּען גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם, בִּיז וִויא לַאנְג
וֶועט דֶער דָאזִיגֶע זַיין צוּ אוּנְס צוּ אֵיין
שְׁטְרוֹיכְלִינְג, שִׁיק אַוֶועק דִיא מֶענֶער אַז
זֵייא זָאלֶען דִינֶען גָאט זֵייעֶר הַאר,
ווייסְט דוּא נָאך נִיט אַז מִצְרַיִם אִיז
פַארְלוֹירֶען?
8 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן זֶענֶען צוּרִיק
גֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען צוּ פַּרְעה, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵייא, גֵייט דִינְט גָאט
אֵייעֶר הַאר, וֶוער אוּנְד וֶוער זָאלֶען גֵיין?
9 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, מִיט אוּנְ־
זֶערֶע יוּנְגֶען אוּנְד מִיט אוּנְזֶערֶע אַלְטֶען
וֶועלֶען מִיר גֵיין, אוּנְד מִיט אוּנְזֶערֶע
זִיהְן אוּנְד מִיט אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער, מִיט
אוּנְזֶערֶע שָׁאף אוּנְד מִיט אוּנְזֶערֶע רִינְדֶער
וֶועלֶען מִיר גֵיין. דֶען עֶס אִיז אֵיין פֵייעֶר־
טָאג פוּן גָאט צוּ אוּנְס:
10 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵייא,
אַזוֹי זָאל גָאט זַיין מִיט אֵייך גְלֵייך אַזוֹי
וִויא אִיך וֶועל אֵייך אוּנְד אֵיירֶע קְלֵיינֶע
קִינְדֶער אַוֶועק שִׁיקֶען, זֶעהְט אַז שְׁלֶעכְטֶס
אִיז פַאר אֵייעֶר אָנְגֶעזִיכְט:
11 נִיט אַזוֹי, גֵייט אִיהְר מֶענֶער אוּנְד


דינט

דִינְט גָאט, דֶען דָאס הָאט אִיהְר בַּא־
גֶעהְרְט, אוּנְד מַאן הָאט זֵייא פַארְטְרִיבֶּען
פוּן פַאר דֶעם אָנְגֶעזִיכְט פוּן פַּרְעה׃
12 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
נֵייג דֵיינֶע הַאנְד אִיבֶּער דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם, פוּן וֶועגֶען דִיא הֵיישְׁרֶעקֶען,
אוּנְד עֶר וֶועט אַרוֹיף גֵיין אִיבֶּער דָאס
לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר וֶועט פְרֶעסֶען
אַלֶעס קְרוֹיט פוּן דֶעם לַאנְד, אַלֶעס וָואס
דֶער הָאגֶעל הָאט אִיבֶּער גֶעלָאזְט׃
13 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענֵייגְט זַיין שְׁטֶעק־
קֶען אִיבֶּער דָאס לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד
גָאט הָאט גֶעפִיהְרְט אַיין מִזְרַח ווִינְד אִין
דֶעם לַאנְד, דֶעם גַאנְצֶען וֶועלְבִּיגֶען טָאג
אוּנְד דִיא גַאנְצֶע נַאכְט, עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
מָארְגֶען, אוּנְד דֶער מִזְרַח ווִינְד הָאט
גֶעטְרָאגֶען דִיא הֵיישְׁרֶעקֶען׃
14 אוּנְד דִיא הֵיישְׁרֶעקֶען זֶענֶען אַרוֹיף
גֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דָאס גַאנְצֶע לַאנְד
מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּהְט אִין אַלֶע
גְרֶענֶעץ פוּן מִצְרַיִם זֶעהְר שְׁוֶוער, פַאר
אִיהְם אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אַזוֹי אַיין הֵיישְׁרֶעק
זִויא עֶר, אוּנְד נָאךְ אִיהְם וֶועט נִיט זַיין
אַזָאלְכֶער׃
15 אוּנְד עֶר הָאט בַּאדֶעקְט דָאס גֶעזִ־
שִׁיין פוּן דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד, אוּנְד דָאס
לַאנְד אִיז גֶעוָוארֶען פִינְסְטֶער, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעפְרֶעסֶען אַלֶעס קְרוֹיט פוּן דֶעם
לַאנְד, אוּנְד אַלֶע פְרוּכְט פוּן דִיא בֵּיימֶער
וָואס דֶער הָאגֶעל הָאט אִיבֶּער גֶעלָאזְט,
אוּנְד גָאר קֵיין גְרִינֶעס אִיז נִיט אִיבֶּער
גֶעבְּלִיבֶּען אָן דִיא בֵּיימֶער אוּנְד אָן דֶעם
קְרוֹיט פוּן דֶעם פֶעלְד, אִין דֶעם גַאנְ־
צֶען לַאנְד מִצְרַיִם׃
16 אוּנְד פַּרְעה הָאט גֶעאֵיילְט צוּ רוּ־
פֶען צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען
גָאט אֵייעֶר הַאר, אוּנְד קֶעגֶען אֵייךְ׃
17 אוּנְד אַצוּנְד בֶּעט אִיךְ, פַארְגִיבּ
מֵיינֶע זִינְד נָייעֶרְט דִיזֶעס מָאל, אוּנְד
בֶּעטֶעט צוּ גָאט אֵייעֶר הַאר אַז עֶר זָאל
אָפְּטְהוּן פוּן מִיר נָייעֶרְט דֶעם דָאזִיגֶען
טוֹיט׃
18 אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן
פַּרְעה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ גָאט׃
19 אוּנְד גָאט הָאט אוּמְגֶעקֶעהְרְט אֵיין
זֶעהְר שְׁטַארְקֶען מַעֲרָב ווִינְד, אוּנְד עֶר
הָאט אַוֶועק גֶעטְרָאגֶען דִיא הֵיישְׁרֶעקֶען
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אֵיינְגֶעשְׁטֶעקְט אִין
יַם סוּף, עֶס אִיז נִיט אִיבֶּער גֶעבְּלִיבֶּען
אֵיין הֵיישְׁרֶעק אִין דִיא גַאנְצֶע גְרֶענֶעץ
פוּן מִצְרַיִם׃
20 אוּנְד גָאט הָאט גֶעשְׁטַארְקְט דָאס
הַארְץ פוּן פַּרְעה, אוּנְד עֶר הָאט נִיט
אַוֶועק גֶעשִׁיקְט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃
21 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
נֵייג דֵיינֶע הַאנְד קֶעגֶען הִימֶעל אוּנְד עֶס
זָאל זַיין פִינְסְטֶערְנִיס אִין דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם, אוּנְד מַאן וֶועט טַאפֶּען דִיא
פִינְסְטֶערְנִיס׃
22 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענֵייגְט זַיינֶע הַאנְד
קֶעגֶען הִימֶעל, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוָוארֶען
אֵיינֶע דִיקֶע פִינְסְטֶערְנִיס אִין דֶעם גַאנְ־
צֶען לַאנְד מִצְרַיִם, דְרֵייא טֶעג לַאנְג׃
23 זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד זֵייא זֶענֶען נִיט
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִיטְלִיכֶער פוּן זַיין אָרְט
דְרֵייא טָאג לַאנְג, אָבֶּער צוּ אַלֶע קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעוֶועזֶען לִיכְט אִין זֵייעֶרֶע
ווָאוֹינוּנְגֶען׃
24 אוּנְד פַּרְעה הָאט גֶערוּפֶען צוּ מֹשֶׁה
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֵייט דִינְט גָאט,
נָייעֶרְט אֵייעֶרֶע שָׁאף אוּנְד אֵיירֶע רִינְ־
דֶער זָאלֶען שְׁטֶעהְן בְּלֵייבֶּען, אוֹיךְ אֵיירֶע

קְלֵיינֶע קִינְדֶער זָאלֶען גֵייון מִיט אַייךְ:

25 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ גֶעבֶּען אִין אוּנְזֶערֶע הֶענְד שְׁלַאכְט אָפְּפֶער, אוּנְד בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד מִיר װֶעלֶען מַאכֶען צוּ גָאט אוּנְזֶער הַאר:

26 אוּנְד אוֹיךְ אוּנְזֶער פִיךְ זָאל גֵיין מִיט אוּנְס, עֶס זָאל נִיט אֵיין פוּס אִיבֶּער בְּלֵייבֶּען, װייל דֶערפוּן װֶעלֶען מִיר נֶעמֶען צוּ דִינֶען גָאט אוּנְזֶער הַאר, אוּנְד מִיר װויסֶען נִיט מִיט װָאס מִיר װֶעלֶען דִינֶען גָאט, בִּיז אַז מִיר װֶעלֶען דָארְט אַהִין קוּמֶען:

27 אוּנְד גָאט הָאט גֶעשְׁטֶערְקְט דָאס הַארְץ פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא נִיט גֶעוָואלְט אַװֶעק שִׁיקֶען:

28 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם, גֵייא אַװֶעק פוּן מִיר, הִיט דִיךְ אַז דוּא זָאלְסְט נִיט מֶעהְר זֶעהְן מֵיין אָנְגֶעזִיכְט דֶען אִין דֶעם טָאג אַז דוּא װֶעסְט זֶעהֶען מֵיין אָנְגֶעזִיכְט, זָאלְסְטוּ שְׁטַארְבֶּען:

29 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט רֶעכְט גֶערֶעט, אִיךְ װֶעל נִיט מֶעהְר זֶעהֶען דֵיין אָנְגֶעזִיכְט:

## קאפיטעל יא

א אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ משֶׁה, נָאךְ אֵיינֶע פְּלָאג װֶעל אִיךְ בְּרֶענְגֶען אוֹיף פַּרְעֹה אוּנְד אוֹיף מִצְרַיִם, דֶערְנָאךְ װֶעט עֶר אַייךְ אַװֶעק שִׁיקֶען פוּן דַאנֶען, װֶען עֶר װֶעט אַייךְ אַװֶעק שִׁיקֶען װֶעט עֶר אַייךְ גַאנְץ אוּנְד גָאר פֶערְטְרֵייבֶּען פוּן דַאנֶען:

2 רֶעד נוּן אִין דִיא אוֹירֶען פוּן דֶעם פָאלְק, אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ אָנְלֵייעֶן אִיטְלִיכֶער פוּן זֵיין גֶעזֶעלֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶע פְרוֹיא פוּן אִיהְרֶע פְרֵיינְדִין גֶעפֶעס פוּן זִילְבֶּער אוּנְד גֶעפֶעס פוּן גָאלְד:

3 אוּנְד גָאט הָאט דֶעם פָאלְק גֶעגֶעבֶּען גְנָאד אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן מִצְרַיִם, אוֹיךְ דֶער מַאן משֶׁה אִיז זֶעהְר גְרוֹיס גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא קְנֶעכְט פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם פָאלְק:

4 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט גָאט גֶעזָאגְט, גְלֵייךְ אַזוֹי װִיא מִיטֶען אִין דֶער נַאכְט װֶעל אִיךְ אַרוֹיס גֵיין אִין צְװִוישֶׁען מִצְרַיִם:

5 אוּנְד אִיטְלִיכֶער בְּכוֹר זָאל שְׁטַארְבֶּען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, פוּן דֶעם בְּכוֹר פוּן פַּרְעֹה װָאס זִיצְט אוֹיף זֵיין שְׁטוּהְל, בִּיז צוּ דֶעם בְּכוֹר פוּן דִיא דִינְסְט מוֹיד װָאס אִיז הִינְטֶער דִיא מִיהְל, אוּנְד אַלֶע בְּכוֹרִים פוּן בְּהֵמוֹת:

6 אוּנְד עֶס װֶעט זַיין אֵיין גְרוֹיס גֶעשְׁרֵייא אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד מִצְרַיִם, װָאס אִיז אֵיין זָאלְכֶעס נִיט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אֵיין זָאלְכֶער װֶעט נִיט מֶעהְר זַיין:

7 אוּנְד צוּ אַלֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל װֶעט קֵיין הוּנְד נִיט בֶּעװֶעגֶען זֵיינֶע צוּנְג, פוּן מֶענְשֶׁען אוּנְד בִּיז צוּ פִיךְ, פוּן װֶעגֶען אַז אִיהְר זָאלְט װויסֶען, אַז גָאט װֶעט אָפְּשֵׁיידֶען צְװִוישֶׁען מִצְרַיִם אוּנְד צְװִוישֶׁען יִשְׂרָאֵל:

8 אוּנְד אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע דֵיינֶע קְנֶעכְט זָאלֶען אַרָאפְּנִידֶערְן צוּ מִיר, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען זִיךְ בּוּקֶען צוּ מִיר צוּ זָאגֶען, גֵייא אַרוֹיס, דוּא אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק װָאס אִיז בֵּייא דִיר, אוּנְד דֶערְנָאךְ װֶעל אִיךְ אַרוֹיסְגֵיין, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן פַּרְעֹה אִין גְרִים צָארְן:

9 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ משֶׁה, פַּרְעֹה װֶעט נִיט הֶארְכֶען צוּ אַייךְ, פוּן װֶעגֶען צוּ מֶעהְרֶען מֵיינֶע װוּנְדֶער אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:

10 אוּנְד משֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן הָאבֶּען

גֶעטְהוּן אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע וְואוּנְדֶער צוּ
פַּאר פַּרְעֹה, אָבֶּער גָאט הָאט גֶעשְׁטַארְקְט
דָאס הַארְץ פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד עֶר הָאט
נִיט אַוֶועק גֶעשִׁיקְט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
פוּן זַיין לַאנְד:

## קאפיטעל יב

א אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה
אוּנְד צוּ אַהֲרֹן אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם
צוּ זָאגֶען:
2 דֶער דָאזִיגֶער חֹדֶשׁ זָאל זַיין צוּ אֵייךְ
דֶער אָנְפַאנְג פוּן דִיא חֳדָשִׁים, עֶר זָאל
צוּ אֵייךְ זַיין דֶער עֶרְשְׁטֶער צוּ דִיא
חָדָשִׁים פוּן דֶעם יָאהְר:
3 רֶעדֶעט צוּ דֶער גַאנְצֶער גֶעמֵיינְדֶע
פוּן יִשְׂרָאֵל צוּ זָאגֶען, אִין דֶעם צֶענְטֶען
צוּ דֶעם דָאזִיגֶען חֹדֶשׁ אַזוֹי זָאלֶען זַייא
נֶעמֶען צוּ זִיךְ אִיטְלִיכֶער אֵיין לַאם צוּ
דֶעם הוֹיז פוּן דִיא פֶעטֶער, אֵיין לַאם
צוּ אֵיין הוֹיז:
4 אוּנְד וֶוען דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד אִיז צוּ
וֵוייניג צוּ אֵיין לַאם, אַזוֹי זָאל עֶר עֶס
נֶעמֶען אוּנְד זַיין נַאכְבַּאר (שָׁכֵן) וָואס אִיז
נָאהְנְט צוּ זַיין הוֹיז, נָאךְ דִיא צָאהְל
פוּן דִיא זֶעלֶען, אִיטְלִיכֶער מַאן נָאךְ זַיין
עֶסֶען נָאךְ, זָאלְט אִיהְר צֵיילֶען אוֹיף
דֶעם לַאם:
5 אֵיין לַאם אָהְן פֶעהְלֶער, אֵיין זָכָר,
אֵיין יָאהְר אַלְט זָאל עֶס זַיין צוּ אֵייךְ, פוּן
דִיא לֶעמֶער אָדֶער פוּן דִיא צִיגֶען זָאלְט
אִיהְר עֶס נֶעמֶען:
6 אוּנְד עֶס זָאל זַיין צוּ אֵייךְ צוּ אֵיין
הִיטוּנְג בִּיז צוּ דֶעם פִירְצֶעהְנְטֶען טָאג
פוּן דֶעם דָאזִיגֶען חֹדֶשׁ, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע
אֵיינְזַאמְלוּנְג פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע פוּן
יִשְׂרָאֵל זָאלֶען עֶס שֶׁעכְטֶען צְווִישֶׁען דִיא
צְוֶוייא אָבֶענְדֶען:
7 אוּנְד זַייא זָאלֶען נֶעמֶען פוּן דֶעם
בְּלוּט אוּנְד זַייא זָאלֶען עֶס שְׁפְּרִיצֶען אוֹיף
דִיא צְוֶוייא בֵּייְשְׁטִידֶעל אוּנְד אוֹיף דֶער
אִיבֶּערְטִיר, אוֹיף דִיא הֵייזֶער וָואס זַייא
וֶועלֶען עֶס עֶסֶען אִין זַייא:
8 אוּנְד זַייא זָאלֶען עֶסֶען דָאס פְלֵייש
אִין דֶער דָאזִיגֶער נַאכְט, גֶעבְּרָאטֶען אִין
פֵייעֶר, אוּנְד מַצּוֹת מִיט בִּיטֶערֶע קְרֵייי-
טֶער זָאלֶען זַייא עֶס עֶסֶען:
9 אִיהְר זָאלְט נִיט עֶסֶען פוּן אִיהְם
הַאלְב גֶעבְּרָאטֶען אָדֶער גֶעזָאטֶען אִין
וַואסֶער, נֵייעֶרְט גֶעבְּרָאטֶען אִין פֵייעֶר,
זַיין קָאפְּף מִיט זַיינֶע קְנִיא אוּנְד מִיט
זַיין אֵיינְגֶעוֶוייד:
10 אוּנְד אִיהְר זָאלְט פוּן אִיהְם נִיט
אִיבֶּערלָאזֶען בִּיז מָארְגֶען, אוּנְד וָואס
אִיז אִיבֶּער גֶעלָאזְט פוּן אִיהְם בִּיז מָארְ-
גֶען זָאלְט אִיהְר פֶערבְּרֶענֶען אִים פֵייעֶר:
11 אוּנְד אַזוֹי זָאלְט אִיהְר עֶס עֶסֶען,
אֵיירֶע לֶענְדֶען גֶעגוּרְט, אֵיירֶע שִׁיךְ
אוֹיף אֵיירֶע פִיס, אוּנְד אֵייעֶר שְׁטֶעקֶען
אִין אֵיירֶע הַאנְד, אוּנְד אִיהְר זָאלְט עֶס
עֶסֶען מִיט אֵיילִיגְקַייט, דָאס אִיז דָאס
פֶּסַח צוּ גָאט:
12 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּער פָאהְרֶען אִין
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם אִין דֶער דָאזִיגֶער
נַאכְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל דֶערשְׁלָאגֶען אִיטְ-
לִיכֶען בְּכוֹר אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, פוּן
דֶעם מֶענְשׁ אוּנְד בִּיז צוּ דִיא בְּהֵמוֹת,
אוּנְד אָן אַלֶע גֶעטֶער פוּן מִצְרַיִם וֶועל
אִיךְ טְהוּן גֶערִיכְט, אִיךְ בִּין גָאט:
13 אוּנְד דָאס בְּלוּט זָאל זַיין צוּ אֵייךְ
צוּ אֵיין צֵייכֶען אוֹיף דִיא הֵייזֶער וָואס
אִיהְר זַייט דְרִינֶען, אוּנְד וֶוען אִיךְ וֶועל
זֶעהֶען דָאס בְּלוּט, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אִיבֶּער-
הִיפֶּען אִיבֶּער אֵייךְ, אוּנְד עֶס וֶועט
קֵיין פְּלָאג אוּנְטֶער אֵייךְ נִיט זַיין, אֵייךְ
צוּ פֶערדַארְבֶּען, וֶוען אִיךְ וֶועל שְׁלָאגֶען

אין

אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם׃
14 אוּנְד דֶער דָאזִיגֶער טָאג זָאל זַיין
צוּ אֵייךְ צוּ אֵיין גֶעדֶעכְטנִיס, אוּנְד אִיהְר
זָאלְט אִיהְם פֵייעֶרְן אֵיין פֵייעֶרְטָאג צוּ
גָאט, אִיהְר זָאלְט אִיהְם פֵייעֶרְן צוּ אֵיי־
רֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ׃
15 זִיבֶּען טֶעג זָאלְט אִיהְר מַצּוֹת עֶסֶען
אָבֶּער אָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג זָאלְט
אִיהְר פֶערְשְׁטֶערֶען דָאס זוֹיעֶרְטֵייג פוּן
אֵיירֶע הֵייזֶער, דֶען אִיטְלִיכֶער וָואס עֶסְט
גֶעזֵייעֶרְטֶעס, אַזוֹי זָאל דִיא זֶעלֶע פַאר
שְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּן דֶעם
עֶרְשְׁטֶען טָאג בִּיז דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג׃
16 אוּנְד אָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג זָאל
זַיין אֵיינֶע הֵיילִיגֶע רוּפוּנְג, אוּנְד אָן דֶעם
זִיבֶּעטֶען טָאג זָאל זַיין אֵיינֶע הֵיילִיגֶע
רוּפוּנְג צוּ אֵייךְ, קֵיינֶע אַרְבֵּייט זָאל נִיט
גֶעטְהוּן וֶוערֶען אָן זֵייא, נֵייעֶרְט וָואס
בְּרוֹיךְ גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען צוּ אִיטְלִיכֶער זֶעלֶע
דָאס אַלֵיין זָאל גֶעטְהוּן וֶוערֶען צוּ אֵייךְ׃
17 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען דִיא מַצּוֹת
דֶען אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען דָאזִיגֶען טָאג
הָאבּ אִיךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אֵיירֶע הֶערְ־
שָׁארֶען פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד
אִיהְר זָאלְט הִיטֶען דֶעם דָאזִיגֶען טָאג
צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער אֵיין אֵייבִּיג גֶעזֶעץ׃
18 אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען חֹדֶשׁ, אִין דֶעם
פִירְצֶענְטֶען טָאג צוּ דֶעם חֹדֶשׁ אִין דֶעם
אָבֶּענְד זָאלְט אִיהְר עֶסֶען מַצּוֹת, בִּיז
צוּ דֶעם אֵיין אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶען טָאג
צוּ דֶעם חֹדֶשׁ, אִין דֶעם אָבֶּענְד׃
19 זִיבֶּען טֶעג זָאל קֵיין חָמֵץ נִיט
גֶעפִינֶען וֶוערֶען אִין אֵיירֶע הֵייזֶער, וֵוייל
אִיטְלִיכֶער וָואס עֶסְט חָמֵץ, אַזוֹי
זָאל דִיא זֶעלְבִּיגֶע זֶעלֶע פַארשְׁנִיטֶען
וֶוערֶען פוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶע פוּן יִשְׂרָאֵל,
אָן דֶעם פְרֶעמְדְלִינְג אוּנְד אָן דֶעם אֵיינְ־
גֶעבָּארֶענֶען פוּן דֶעם לַאנְד׃
20 קֵיינֶערְלֵייא גֶעזֵייעֶרְטֶעס זָאלְט אִיהְר
נִיט עֶסֶען אִין אַלֶע אֵיירֶע וְואוֹינוּנְגֶען
זָאלְט אִיהְר עֶסֶען מַצּוֹת׃
21 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶערוּפֶען צוּ אַלֶע
עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, צִיהְט אוֹיס אוּנְד נֶעמְט
צוּ אֵייךְ שָׁאף צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער,
אוּנְד שֶׁעכְט דָאס פֶּסַח׃
22 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נֶעמֶען אֵיין גֶע־
בּוּנְד אֵזוֹב, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵיינְטוּנְקֶען
אִין דֶעם בְּלוּט וָואס אִיז אִין דֶעם בֶּעקֶען
אוּנְד אִיהְר זָאלְט אָנְרִיהְרֶען אָן דִיא
אִיבֶּערְטְהִיר אוּנְד אָן דִיא צְווֵייא בֵּיי־
שְׁטִידֶעל, מִיט דֶעם בְּלוּט וָואס אִיז אִין
דֶעם בֶּעקֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט
אַרוֹיס גֵיין קֵיינֶער פוּן דִיא טְהִיר פוּן
זַיין הוֹיז בִּיז מָארְגֶען׃
23 אוּנְד גָאט וֶועט אִיבֶּערְפָאהְרֶען צוּ
פְּלָאגֶען דִיא מִצְרִים, אוּנְד עֶר וֶועט זֶעהְן
דָאס בְּלוּט אוֹיף דִיא אִיבֶּערְטְהִיר אוּנְד
אוֹיף דִיא צְווֵייא בֵּיישְׁטִידֶעל, אוּנְד גָאט
וֶועט אִיבֶּער הִיפְּפֶען אִיבֶּער דִיא טְהִיר,
אוּנְד עֶר וֶועט דֶעם פַארדֶערְבֶּער נִיט
לָאזֶען קוּמֶען צוּ אֵיירֶע הֵייזֶער צוּ
פְּלָאגֶען׃
24 אוּנְד אִיהְר זָאלט הִיטֶען דִיא דָא־
זִיגֶע זַאךְ, צוּ אֵיין גֶעזֶעץ צוּ דִיר אוּנְד
צוּ דֵיינֶע קִינְדֶער בִּיז אֵייבִּיג׃
25 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וֶוען אִיהְר וֶועט
קוּמֶען אִין דֶעם לַאנְד, וָואס גָאט וֶועט
אֵייךְ גֶעבֶּען, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא עֶר הָאט
גֶערֶעט, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר הִיטֶען דֶעם
דָאזִיגֶען דִינְסְט׃
26 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז וֶוען אֵיירֶע
קִינְדֶער וֶועלֶען זָאגֶען צוּ אֵייךְ, וָואס אִיז
דֶער דָאזִיגֶער דִינְסְט צוּ אֵייךְ׃

27 אַזוי זָאלְט אִיהר זָאגֶען, דָאס אִיז
דָאס קָרְבָּן פֶּסַח צוּ גָאט, וָואס
עֶר הָאט אִיבֶּער גֶעהִיפְּט אִיבֶּער דִיא
הַייזֶער פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אִין
מִצְרַיִם, וָוען עֶר הָאט גֶעפְּלָאגְט דִיא
מִצְרִים, אוּנְד אוּנְזֶערֶע הַייזֶער הָאט עֶר
בֶּעשִׁיצְט, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ גֶע־
נֵייגְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט:
28 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן
גְלֵייךְ אַזוי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען
דֶעם מֹשֶׁה אוּנְד דֶעם אַהֲרֹן, אַזוי הָא־
בֶּען זַייא גֶעטְהוּן:
29 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער
הַאלְבֶּער נַאכְט, אַזוי הָאט גָאט דֶער־
שְׁלָאגֶען אִיטְלִיכֶען בְּכוֹר אִין דֶעם לַאנְד
מִצְרִים, פוּן דֶעם בְּכוֹר פוּן פַּרְעֹה וָואס
אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף זַיין שְׁטוּהל, בִּיז צוּ
דֶעם בְּכוֹר פוּן דֶעם גֶעפַאנְגֶענֶען, וָואס
אִיז אִין דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס, אוּנְד אִיטְלִיר
בֶען בְּכוֹר פוּן בְּהֵמוֹת:
30 אוּנְד פַּרְעֹה אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא
דֶער נַאכְט, עֶר אוּנְד אַלֶע זַיינֶע קְנֶעכְט
אוּנְד אַלֶע מִצְרִים, אוּנְד עֶס אִיז גֶע־
וֶועזֶען אֵיין גְרוֹיס גֶעשְׁרֵייא אִין מִצְרַיִם,
דֶען עֶס אִיז קֵיין הוֹיז נִיט גֶעוֶועזֶען וָואס
אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען דָארְט אֵיין טוֹיטֶער:
31 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען צוּ מֹשֶׁה
אוּנְד צוּ אַהֲרֹן בֵּייא דֶער נַאכְט, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שְׁטֵייט אוֹיף, גֵייט
אַרוֹיס פוּן צְווִישֶׁען מֵיין פָאלְק, אִיהְר
אוּנְד אוֹיךְ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
גֵייט דִינְט גָאט, גְלֵייךְ אַזוי וִויא אִיהְר
הָאט גֶערֶעט:
32 גֶענְמְט אוֹיךְ אֵיירֶע שָׁאף אוּנְד אֵיירֶע
רִינְדֶער גְלֵייךְ אַזוי וִויא אִיהְר הָאט גֶע־
רֶעט, אוּנְד גֵייט, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ
מִיךְ בֶּענְשֶׁען:
33 אוּנְד מִצְרַיִם הָאט גֶעדְרוּנְגֶען אוֹיף
דָאס פָאלְק, זַייא גֶעשְׁווִינְד אַוֶועק צוּ
שִׁיקֶען פוּן דֶעם לַאנְד, דֶען זַייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט מִיר זֶענֶען אַלֶע טוֹיט:
34 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט אוֹיפְגֶעהוֹי־
בֶּען זַיין טֵייג, אֵיידֶער עֶס אִיז גֶעזֵייעֶרְט
גֶעוָוארֶען, זַיירֶע בַּאק טְרִיג זֶענְען גֶע־
וֶועזֶען אֵיינְגֶעבּוּנְדֶען, אוּנְד זַיירֶע קְלֵיידֶער
אוֹיף זַיירֶע אַקְסֶעל:
35 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
גֶעטְהוּן גְלֵייךְ אַזוי וִויא דָאס וָוארְט פוּן
מֹשֶׁה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבָּארְגְט
פוּן דִיא מִצְרִים גֶעפֶעס פוּן זִילְבֶּער
אוּנְד גֶעפֶעס פוּן גָאלְד אוּנְד קְלֵיידֶער:
36 אוּנְד גָאט הָאט דֶעם פָאלְק גְנָאד
גֶעגֶעבֶּען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא מִצְרִים
אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא גֶעבָּארְגְט, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען אוֹיסְגֶעלֵיידִיגְט דִיא מִצְרִים:
37 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
גֶעצוֹיגֶען פוּן רַעמְסֵס קֵיין סֻכּוֹת גְלֵייךְ
וִויא זֶעקְס הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד מַאן צוּ
פוּס, זוּנְדֶער דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער:
38 אוּנְד אוֹיךְ פִיל פַארְמִישְׁט פָאלְק
אִיז אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען מִיט זַייא, אוּנְד
שָׁאף אוּנְד רִינְדֶער זֶעהְר פִיל פִיךְ:
39 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעבַּאקֶען אוֹיס דֶעם
טֵייג, וָואס זַייא הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט
אוֹיס מִצְרַיִם קוּכֶען מַצּוֹת, דֶען עֶס אִיז
נִיט גֶעזֵייעֶרְט גֶעוֶועזֶען, ווייל זַייא זֶענֶען
פַארְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט זוֹימֶען,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיךְ נִיט פַארְטִיג
גֶעמַאכְט קֵיין שְׁפֵּייז פַאר זִיךְ:
40 אוּנְד דִיא וְואוֹינוּנְג פוּן דִיא קִינְ־
דֶער יִשְׂרָאֵל וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט
אִין מִצְרַיִם, אִיז גֶעוֶועזֶען פִיער הוּנְדֶערְט


אוּנְד

אונד דרייסיג יאהר :
41 אונד עס איז געוועזען נאך דעם
ענד פון פיער הונדערט אונד דרייסיג
יאהר, אונד עס איז געוועזען אין
דעם נעמליכען דאזיגען טאג זענען
ארויסגעגאנגען אלע הערשארען פון
גאט פון דעם לאנד מצרים :
42 דאס איז איינע נאכט פון היטונג
צו גאט, אז ער האט זייא ארויס גע־
בראכט אויס דעם לאנד מצרים, דאס
איז דיא דאזיגע נאכט צו גאט, היטונג
צו אלע קינדער ישראל צו זייערע
געשלעכטער :
43 אונד גאט האט געזאגט צו משה
אונד צו אהרן, דאס דאזיגע איז דאס
געזעץ פון פסח, קיין זוהן פון איין
פרעמדען זאל ניט עסען דערפון :
44 אונד אלע קנעכט, איטליכער וואס
איז געקויפט מיט געלד, ווען דוא האסט
איהם בעשניטען, דענצמאל זאל ער
עסען דערפון :
45 איין איינוואוינער אונד איין גע־
דונגענער זאל ניט עסען דערפון :
46 אין איין הויז זאל עס געגעסען
ווערען, דוא זאלסט ניט ארויס ברענגען
פון דעם פלייש, פון דעם הויז ארויס,
אונד קיין ביין זאלט איהר ניט צער־
ברעכען אין איהם :
47 דיא גאנצע געמיינדע פון ישראל
זאל עס מאכען :
48 אונד ווען עס וועט וואוינען בייא
דיר איין פרעמדלינג, אונד ער וועט
מאכען פסח צו גאט, אזוי זאל באשני־
טען ווערען צו איהם איטליכע מאנס
פערזאן, אונד דענצמאל זאל ער
גענעהענען עס צו מאכען, אונד ער זאל
זיין גליך אזוי וויא איין איינגעבארענער
פון דעם לאנד, אונד קיין פערשטאפ־
טער (ערל) זאל ניט עסען דערפון :
49 איין געזעץ זאל זיין צו דעם איינ־
געבארענען, אונד צו דעם פרעמדלינג
וואס וואוינט צווישען אייך :
50 אונד אלע קינדער ישראל האבען
געטהון גליך אזוי וויא גאט האט גע־
באטען דעם משה אונד דעם אהרן,
אזוי האבען זייא געטהון :
51 אונד עס איז געוועזען אין דעם
נעמליכען דאזיגען טאג, האט גאט
ארויס געבראכט דיא קינדער ישראל
פון דעם לאנד מצרים מיט זייערע
הערשארען :

## קאפיטעל יג

א אונד גאט האט גערעדט צו משה
אזוי צו זאגען :
2 מאך הייליג צו מיר איטליכען בכור,
דיא עפנונג פון איטליכער געבערמוטער
אונטער דיא קינדער ישראל, אונטער
מענשען אונד אונטער בהמות, צו מיר
זאל עס זיין :
3 אונד משה האט געזאגט צו דעם
פאלק, געדענק דעם דאזיגען טאג, אז
איהר זייט ארויס געגאנגען פון מצרים
פון דעם דינסט הויז, ווייל מיט שטארק־
הייט פון דיא האנד האט אייך גאט
ארויס געבראכט פון דאנען, אונד קיין
חמץ זאל ניט געגעסען ווערען :
4 היינט זייט איהר ארויס געגאנגען
אין דעם חדש אביב :
5 אונד עס וועט זיין, ווען גאט וועט
אייך ברענגען אין דעם לאנד פון דעם
כנעני, אונד דעם חתי אונד דעם אמורי
אונד דעם חוי אונד דעם יבוסי, וואס
ער האט געשווארען צו דיינע פעטער
צו געבען צו דיר, איין לאנד וואס פליסט

פון

פון מִילְך אוּנְד הָאנִיג, אַזוֹי זָאלְסְטוּ
דִינֶען דֶעם דָאזִיגֶען דִינְסְט אִין דֶעם
דָאזִיגֶען חֹדֶשׁ׃
6 זִיבֶּען טֶעג זָאלְסְטוּ עֶסֶען מַצּוֹת,
אוּנְד דֶעם זִיבְּטֶען טָאג זָאל זַיין אֵיין
פֵייעֶרְטָאג צוּ גָאט׃
7 מַצּוֹת זָאלֶען גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען זִיבֶּען
טֶעג, אוּנְד קֵיין חָמֵץ זָאל נִיט
גֶעזֶעהֶן וֶוערֶען בֵּייא דִיר, אוּנְד קֵיין
זוֹיעֶרְטֵייג זָאל נִיט גֶעזֶעהֶן וֶוערֶען בֵּייא
דִיר אִין דֵיינֶע גַאנְצֶע גְרֶענֶעץ׃
8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט פַּארְצֵיילֶען צוּ
דֵיין זוּהְן אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אוּנְד
זָאגֶען, דָאס אִיז פוּן וֶועגֶען דֶעם דָאזִיגֶען
וָואס גָאט הָאט גֶעטְהוּן צוּ מִיר, וֶוען
אִיךְ בִּין אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם׃
9 אוּנְד עֶס זָאל זַיין צוּ דִיר צוּ אֵיין
צֵייכֶען אוֹיף דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד צוּ אֵיין
גֶעדֶעכְטְנִיס צְווִישֶׁען דֵיינֶע אוֹיגֶען, פוּן
וֶועגֶען אַז דִיא לֶערנוּנְג פוּן גָאט זָאל
זַיין אִין דֵיין מוֹיל, וַוייל מִיט אֵיינֶע
שְׁטַארְקֶע הַאנְד, הָאט דִיךְ גָאט אַרוֹיס
גֶעבְּרַאכְט פוּן מִצְרַיִם׃
10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט הִיטֶען דָאס דָא־
זִיגֶע גֶעזֶעץ, צוּ זַיינֶע גֶעזֶעצְטֶע צֵייט,
פוּן יָאהְר צוּ יָאהְר׃
11 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, וֶוען גָאט וֶועט
דִיךְ בְּרֶענְגֶען אִין דֶעם לַאנְד פוּן דֶעם
כְּנַעֲנִי, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶע־
שְׁוָוארֶען צוּ דִיר אוּנְד צוּ דֵיינֶע פֶּעטֶער
אוּנְד עֶר וֶועט עֶס צוּ דִיר גֶעבֶּען׃
12 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אָפְּשֵׁיידֶען צוּ גָאט
אִיטְלִיכֶע עֶפְנוּנְג פוּן דִיא גֶעבֶּערמוּטֶער,
אוּנְד אִיטְלִיכֶע עֶפְנוּנְג, דִיא וֶוערְפוּנְג
פוּן אֵיין בְּהֵמָה, וָואס אִיז צוּ דִיר, דִיא
זְכָרִים זָאלֶען זַיין צוּ גָאט׃
13 אוּנְד אִיטְלִיכֶע עֶפְנוּנְג פוּן אֵיין אֵייז־
זֶעל זָאלְסְטוּ אוֹיסְלֵייזֶען מִיט אֵיין לַאם,
אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט אִיהְם נִיט אוֹיס
לֵייזֶען, אַזוֹי זָאלְסְטוּ זַיין גֶענִיק בְּרֶעכֶען,
אוּנְד אִיטְלִיכֶען בְּכוֹר פוּן מֶענְשֶׁען אוּנְ־
טֶער דֵיינֶע זִיהְן זָאלְסְטוּ אוֹיסְלֵייזֶען׃
14 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, וֶוען דֵיין זוּהְן
וֶועט דִיךְ פְרֶעגֶען מָארְגֶען צוּ זָאגֶען,
וָואס אִיז דָאס דָאזִיגֶע? אַזוֹי זָאלְסְטוּ
זָאגֶען צוּ אִיהְם, מִיט שְׁטַארְקְהֵייט הָאט
אוּנְס גָאט אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט פוּן מִצְרַיִם
פוּן דֶעם דִינְסְט הוֹיז׃
15 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז פַּרְעֹה
הָאט זִיךְ פַארְהֶערְטֶעט אוּנְס אַוֶועק צוּ
שִׁיקֶען, אַזוֹי הָאט גָאט דֶערְשְׁלָאגֶען
אִיטְלִיכֶען בְּכוֹר אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם,
פוּן דֶעם בְּכוֹר פוּן מֶענְשֶׁען, בִּיז צוּ
דֶעם בְּכוֹר פוּן בְּהֵמוֹת. דָארוּם אָפְּפֶער
אִיךְ צוּ גָאט אִיטְלִיכֶע עֶפְנוּנְג פוּן דִיא
גֶעבֶּערמוּטֶער, דִיא זְכָרִים, אוּנְד אִיטְ־
לִיכֶען בְּכוֹר פוּן מֵיינֶע זִיהְן, לֵייז אִיךְ
אוֹיס׃
16 אוּנְד עֶס זָאל זַיין צוּ אֵיין צֵייכֶען
אוֹיף דֵיינֶע הַאנְד אוּנְד צוּ טוֹטָפוֹת צְווִי־
שֶׁען דֵיינֶע אוֹיגֶען, וַוייל מִיט שְׁטַארְק־
הֵייט פוּן דֶער הַאנְד הָאט אוּנְס גָאט
אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט פוּן מִצְרַיִם׃

בשלח

17 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז פַּרְעֹה
הָאט אַוֶועק גֶעשִׁיקְט דָאס פָאלְק, אַזוֹי
הָאט גָאט זֵייא נִיט גֶעפִיהְרְט דֶעם וֶועג
פוּן דֶעם לַאנְד פְּלִשְׁתִּים, אוֹיבּ גְלֵייךְ
עֶר אִיז נָאהֶנְט גֶעוֶועזֶען, דֶען גָאט הָאט
גֶעזָאגְט, פִילֵייכְט וֶועט זִיךְ דָאס פָאלְק
בֶּעדֶענְקֶען, וֶוען זֵייא וֶועלֶען זֶעהֶען אֵיין
מִלְחָמָה, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען צוּרִיק
קֶעהְרֶען קֵיין מִצְרַיִם׃
18 אוּנְד גָאט הָאט גֶעמַאכְט דָאס

פָאלק אוּמרינגעלְן דֶעם װֶעג פוּן דִיא
װיסְטֶענֵייא פוּן יַם סוּף, אוּנְד דִיא קִינְ־
דֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַרוֹים גֶעגַאנְגֶען
גֶעװאָפְּנֶעט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:
19 אוּנְד משֶׁה הָאט מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען
דִיא בֵּיינֶער פוּן יוֹסֵף, װײל עֶר הָאט
בֶּעשְׁװאָרֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל צוּ זָאגֶען
גָאט װֶעט אֵייךְ גֶעװיס גֶעדֶענְקֶען, אַזױ
זָאלְט אִיהְר אַרוֹיף בְּרֶענְגֶען מֵיינֶע בֵּיי־
נֶער פוּן דַאנֶען מִיט אֵייךְ:
20 אוּנְד זֵייא הָאבֶען גֶעצוֹיגֶען פוּן
סֻכּוֹת, אוּנְד זֵייא הָאבֶען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט
אִין אֵיתָם, אָן דֶעם עֶק פוּן דִיא
װיסְטֶענֵייא:
21 אוּנְד גָאט אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ פַאר
זֵייא בֵּייא טָאג מִיט אֵיינֶע װָאלְקֶען זֵייל,
זֵייא צוּ פִיהְרֶען דֶעם װֶעג, אוּנְד בֵּייא
נַאכְט מִיט אֵיינֶע פֵייעֶר זֵייל, צוּ לֵייכְטֶען
צוּ זֵייא, צוּ גֵיין בֵּייא טָאג אוּנְד בֵּייא
נַאכְט:
22 עֶר הָאט נִיט אָפְּגֶעטְהוּן דִיא װָאלְ־
קֶען זֵייל בֵּייא טָאג, אוּנְד דִיא פֵייעֶר
זֵייל בֵּייא נַאכְט צוּ פַאר דֶעם פָאלְק:

## קאפּיטעל יד

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה
אַזױ צוּ זָאגֶען:
2 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אַז
זֵייא זָאלֶען צוּרִיק קֶעהְרֶען אוּנְד זֵייא
זָאלֶען זִיךְ לַאגֶערְן צוּ פַאר פִּי הַחִירוֹת
צְװִישֶׁען מִגְדֹּל אוּנְד צְװִישֶׁען דֶעם יַם,
צוּ פַאר בַּעַל צְפוֹן, קֶעגֶען אִיבֶּער אִיהְם
זָאלְט אִיהְר לַאגֶערְן בֵּייא דֶעם יַם:
3 װָארִין פַּרְעֹה װֶעט זָאגֶען אוֹיף דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, זֵייא זֶענֶען פַארְאִירְט
אִין דֶעם לַאנְד, דִיא װיסְטֶענֵייא הָאט
זֵייא אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען:
4 אוּנְד אִיךְ װֶעל שְׁטַארְקֶען דָאס הַארְץ
פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד עֶר װֶעט זֵייא נָאךְ
יָאגֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל גֶעעֶהְרְט װֶערֶען
אָן פַּרְעֹה אוּנְד אָן זֵיין גַאנְצֶער הֶער־
שָׁאר, אוּנְד דִיא מִצְרִים זָאלֶען װיסֶען אַז
אִיךְ בִּין גָאט. אוּנְד זֵייא הָאבֶען אַזױ
גֶעטְהוּן:
5 אוּנְד עֶס אִיז פַארְצֵיילְט גֶעװָארֶען
צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם אַז דָאס פָאלְק
אִיז אֶנְטלָאפֶען, אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן
פַּרְעֹה אוּנְד פוּן זֵיינֶע קְנֶעכְט אִיז פַאר־
קֶעהְרְט גֶעװָארֶען קֶעגֶען דֶעם פָאלְק,
אוּנְד זֵייא הָאבֶען גֶעזָאגְט, װָאס אִיז
דָאס דָאזִיגֶע װָאס מִיר הָאבֶען גֶעטְהוּן,
אַז מִיר הָאבֶען אַװֶעק גֶעשִׁיקְט יִשְׂרָאֵל
פוּן אוּנְזֶער דִינֶען:
6 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁפַּאנְט זֵיין
רֵייט־װָאגֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען
זֵיין פָאלְק מִיט זִיךְ:
7 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען זֶעקְס
הוּנְדֶערְט אוֹיסְדֶערְװֵיילְטֶע רֵייט־װֶעגֶען
אוּנְד אַלֶע רֵייט־װֶעגֶען פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד
הוֹיפְּטְלֵייט אִיבֶּער אִיטְלִיכֶען:
8 אוּנְד גָאט הָאט גֶעשְׁטֶערְקְט דָאס
הַארְץ פוּן פַּרְעֹה, קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם,
אוּנְד עֶר הָאט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
נָאכְגֶעיָאגְט, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען מִיט אֵיינֶע
הוֹיכֶע הַאנְד:
9 אוּנְד דִיא מִצְרִים הָאבֶען זֵייא נָאךְ
גֶעיָאגְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶען זֵייא דֶערְ־
רֵייכְט, אַז זֵייא הָאבֶען גֶעלַאגֶערְט בֵּייא
דֶעם יַם, אַלֶע פֶערְד אוּנְד רֵייט־װֶעגֶען
פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד זֵיינֶע רֵייטֶער, אוּנְד
זֵיינֶע הֶערְשָׁאר בֵּייא פִּי הַחִירוֹת, צוּ
פַאר בַּעַל צְפוֹן:
10 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶנְט,
אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶען אוֹיף

גֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוּנְד נוּן מִצְרַיִם
הָאט גֶעצוֹיגֶען נָאךְ זֵייא, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ זֶעהר גֶעפָארְכְטֶען, אוּנְד
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען
צוּ גָאט :
11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה
אוֹיבּ פוּן וֶועגֶען אַז עֶס זֶענֶען נִיט דָא
קֵיינֶע בֶּעגְרֶעבֶּענִיסֶע אִין מִצְרַיִם, הָאסְט
דוּא אוּנְס גֶענוּמֶען צוּ שְׁטַארְבֶּען אִין
דֶער וִויסְטֶענֵייא, וָואס אִיז דָאס דָאזִיגֶע
וָואס דוּא הָאסט גֶעטְהוּן צוּ אוּנְס,
אוּנְס אַרוֹיס צוּ בְּרֶענְגֶען פוּן מִצְרִים ?
12 אִיז נִיט דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ וָואס מִיר
הָאבֶּען גֶערֶעט צוּ דִיר, צוּ זָאגֶען, הֶער
אוֹיף פוּן אוּנְס, אוּנְד מִיר וֶועלֶען דִינֶען
דִיא מִצְרִים, דֶען עֶס אִיז בֶּעסֶער פַאר
אוּנְס, צוּ דִינֶען דִיא מִצְרִים, דֶען צוּ
שְׁטַארְבֶּען אִין דִיא וִויסְטֶענֵייא :
13 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
פָאלְק, פֶערכְט אֵייךְ נִיט, בְּלֵייבְּט שְׁטֵיין
אוּנְד זֶעהְט דִיא הִילְף פוּן גָאט, וָואס
עֶר וֶועט הֵיינְט טְהוּן צוּ אֵייךְ, דֶען אַז
אִיהְר הָאט הֵיינְט דִיא מִצְרִים גֶעזֶעהֶען,
וֶועט אִיהְר זֵייא מֶעהְר נִיט זֶעהֶען בִּיז
אִין אֵייבִּיגְקֵייט :
14 גָאט וֶועט שְׁטְרֵייטֶען פַאר אֵייךְ
אוּנְד אִיהְר זָאלְט שְׁטִילְשְׁוֵוייגֶען :
15 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
וָואס שְׁרֵייסְטוּ צוּ מִיר ? רֶעד צוּ דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַז זֵייא זָאלֶען צִיהֶען :
16 אוּנְד דוּא הֵייבּ אוֹיף דֵיין שְׁטֶעקֶען
אוּנְד נֵייג דֵיינֶע הַאנְד אִיבֶּער דֶעם יַם,
אוּנְד שְׁפַּאלְט עֶס, אוּנְד דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל זָאלֶען קוּמֶען אִין דֶעם יַם, אִין
דֶער טְרוּקֶענֶעם :
17 אוּנְד אִיךְ, זֶעה אִיךְ וֶועל שְׁטַארְקֶען
דָאס הַארְץ פוּן דִיא מִצְרִים, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען קוּמֶען נָאךְ זֵייא, אוּנְד אִיךְ וֶועל
גֶעעֶהְרְט וֶוערֶען אָן פַּרְעֹה אוּנְד אָן זַיין
גַאנְצֶער הֶערְשָׁאר, אָן זֵיינֶע רֵייט־וָואגֶען
אוּנְד אָן זֵיינֶע רֵייטֶער :
18 אוּנְד דִיא מִצְרִים זָאלֶען וִויסֶען אַז
אִיךְ בִּין גָאט, וֶוען אִיךְ וֶועל גֶעעֶהְרְט
וֶוערֶען אָן פַּרְעֹה אוּנְד אָן זֵיינֶע רֵייט
וֶועגֶען, אוּנְד אָן זֵיינֶע רֵייטֶער :
19 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ פוּן גָאט וָואס
אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ פַאר דֶעם לַאגֶער
פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעצוֹיגֶען, אוּנְד
עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען פוּן הִינְטֶער זֵייא,
אוּנְד דִיא וָואלְקֶען זֵייל הָאט גֶעצוֹיגֶען
פוּן פַאר זֵייא, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט
פוּן הִינְטֶער זֵייא :
20 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צְוִוישֶׁען
דֶער שָׁאר פוּן מִצְרַיִם אוּנְד צְוִוישֶׁען
דֶער שָׁאר פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען דֶער וָואלְקֶען אוּנְד דִיא פִינְסְטֶערְנִיס (צוּ דִיא מִצְרִים) אוּנְד עֶס הָאט
גֶעלֵייכְט (צוּ דִיא יִשְׂרָאֵל) בֵּייא נַאכְט,
אוּנְד אֵיינֶער הָאט נִיט גֶענֶעהְנְט צוּ
דֶעם אַנְדֶערְן דִיא גַאנְצֶע נַאכְט :
21 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענֵייגְט זֵיינֶע הַאנְד
אוֹיף דֶעם יַם, אוּנְד גָאט הָאט גֶעמַאכְט
אַוֶועק גֵיין דָאס יַם מִיט אֵיין שְׁטַארְקֶען
מִזְרַח וִוינְד, דִיא גַאנְצֶע נַאכְט, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעמַאכְט דָאס יַם צוּ טְרוּקֶענֶעם
אוּנְד דִיא וַואסֶערְן זֶענֶען גֶעשְׁפַּאלְטֶען
גֶעוָוארֶען :
22 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען
גֶעקוּמֶען אִין צְוִוישֶׁען דֶעם יַם אִין דִיא
טְרוּקֶענֶעס, אוּנְד דִיא וַואסֶערְן זֶענֶען
צוּ זֵייא גֶעוֶועזֶען צוּ אֵיינֶע מוֹיעֶר פוּן
זֵייעֶר רֶעכְטֶער הַאנְד אוּנְד פוּן זֵייעֶר
לִינְקֶער הַאנְד :
23 אוּנְד דִיא מִצְרִים הָאבֶּען זֵייא

נָאכגֶעיָאגְט אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ
זַייא, אַלֶע פֶערְד פוּן פַּרְעה, זַיינֶע רַייט
וֶועגֶען אוּנְד זַיינֶע רַייטֶער, אִין דֶער
מִיטֶען פוּן דֶעם יַם:
24 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער
מָארְגֶען וַואכְט, אַזוֹי הָאט גָאט אַרָאבּ
גֶעבְּלִיקְט אוֹיף דִיא שָׁאר פוּן מִצְרַיִם,
דוּרְךְ דִיא זַייל פוּן פַייעֶר אוּנְד פוּן
וָואלְקֶען, אוּנְד עֶר הָאט פֶערטוּמֶעלְט
דִיא שָׁאר פוּן מִצְרַיִם:
25 אוּנְד עֶר הָאט אָפְּגֶעטְהוּן דִיא רֶע־
דֶער פוּן זַיינֶע רַייט־וֶועגֶען, אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט שְׁוֶוערְלִיךְ פִיהְרֶען
אוּנְד מִצְרַיִם הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל
עֶנְטלוֹיפֶען פוּן פַאר יִשְׂרָאֵל, וַוייל גָאט
שְׁטְרַייטֶעט פַאר זַייא קֶעגֶען מִצְרַיִם:
26 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, נֵייג
דַיינֶע הַאנְד אִיבֶּער דֶעם יַם, אַז דִיא
וַואסֶערְן זָאלֶען צוּרִיק קֶעהְרֶען אוֹיף דִיא
מִצְרַיִם, אוֹיף זַיינֶע רַייט־וָואגֶען אוּנְד
אוֹיף זַיינֶע רַייטֶער:
27 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענֵייגְט זַיינֶע הַאנְד
אִיבֶּער דֶעם יַם, אוּנְד דָאס יַם הָאט צוּ־
רִיק גֶעקֶעהְרְט קֵייגֶען דֶעם מָארְגֶען צוּ
זַיינֶע שְׁטַארְקֵייט, אוּנְד דִיא מִצְרִים
זֶענֶען עֶנְטלָאפֶען עֶנְטקֶעגֶען אִיהְם,
אוּנְד גָאט הָאט אוּמְגֶעשְׁטֶערְצְט דִיא
מִצְרִים אִין דֶעם יַם:
28 אוּנְד דִיא וַואסֶערְן הָאבֶּען צוּרִיק
גֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען בֶּעדֶעקְט
דִיא רַייט־וָואגֶען אוּנְד דִיא רַייטֶער פוּן
דֶער גַאנְצֶער הֶערְשָׁאר פוּן פַּרְעה, וָואס
זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ זַייא אִין דֶעם יַם
אַרַיין, עֶס אִיז נִיט אִיבֶּער גֶעבְּלִיבֶּען
פוּן זַייא קֵיין אֵיינְצִיגֶער:
29 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען
אוֹיף דֶער טְרוּקֶענֶעס גֶעגַאנְגֶען, אִין
מִיטֶען פוּן דֶעם יַם, אוּנְד דִיא וַואסֶערְן
זֶענֶען צוּ זַייא גֶעוֶועזֶען צוּ אֵיינֶע מוֹיעֶר
פוּן זַייעֶר רֶעכְטֶער הַאנְד אוּנְד פוּן זַייעֶר
לִינְקֶער הַאנְד:
30 אוּנְד גָאט הָאט גֶעהָאלְפֶען יִשְׂרָאֵל
אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, פוּן דֶער הַאנְד
פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזֶעהֶען
דִיא מִצְרִים טוֹיט אוֹיף דֶעם בָּארְטֶען
פוּן דֶעם יַם:
31 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזֶעהְן דִיא
גְרוֹיסֶע הַאנְד וָואס גָאט הָאט גֶעטְהוּן
אָן דִיא מִצְרִים, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט
זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען פַאר גָאט, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אָן גָאט, אוּנְד אָן
מֹשֶׁה זַיין קְנֶעכְט:

קאפיטעל טו

א דֶענְצְמָאל הָאט מֹשֶׁה גֶעזוּנְגֶען אוּנְד
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל דֶעם רָאזִיגֶען גֶע־
זַאנְג צוּ גָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶע־
זָאגְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיךְ וֶועל זִינְגֶען צוּ
גָאט דֶען עֶר אִיז הוֹיךְ דֶערְהֵייכְט, דָאס
פֶערְד אוּנְד זַיין רַייטֶער הָאט עֶר
גֶעוָוארְפֶען אִין דֶעם יַם:
2 גָאט אִיז מֵיינֶע שְׁטַארְקֵייט אוּנְד מֵיין
לוֹיבּ גֶעזַאנְג, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוָוארֶען
צוּ מִיר צוּ אֵיינֶע הִילְף, דֶער דָאזִיגֶער
אִיז מֵיין גָאט, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם
אֵיינֶע וְואוֹינוּנְג מַאכֶען, גָאט פוּן מֵיין
פָאטֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם דֶער
הֵייכֶען:
3 גָאט אִיז אֵיין קְרִיגְס מַאן, גָאט אִיז
זַיין נָאמֶען:
4 דִיא רַייטוֶועגֶען פוּן פַּרְעה אוּנְד זַיינֶע
הֶערְשָׁאר, הָאט עֶר גֶעוָוארְפֶען אִין דֶעם
יַם אַרַיין, אוּנְד דִיא אוֹיסְדֶערְוֶוילְטֶע
פוּן זַיינֶע הוֹיפְּטְלַייט זֶענֶען פֶערְזוּנְקֶען
גֶעוָוארֶען אִין יַם סוּף:

5 דִיא אָבְּגְרוּנְדֶען הָאבֶּען זֵייא בֶּעדֶעקְט, זֵייא זֶענֶען אַרָאבְּגֶענִידֶערְט אִין דִיא טִיפֶענֶעס גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אַיין שְׁטֵיין :

6 דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, גָאט, אִיז בֶּער־שֵׁיינְט מִיט קְרַאפְט, דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד גָאט, צוּבְּרֶעכְט דֶעם פֵיינְד :

7 אוּנְד אִין דֵיינֶע גְרוֹיסֶע הוֹיכְקֵייט רֵייסְטוּ אַנִידֶער דִיא וָואס שְׁטֵייעֶן אוֹיף קֶעגֶען דִיר, דוּא שִׁיקְסְט דֵיין גְרִימְצָארְן עֶר פֶערְצֶעהְרְט זֵייא אַזוֹי וִויא שְׁטְרוֹי :

8 אוּנְד מִיט דֶעם אָטֶעם פוּן דֵיינֶע נָאזְלֶעכֶער, זֶענֶען דִיא וַואסֶערְן אוֹיפְגֶע־הוֹיפְט גֶעוָוארֶען, דִיא רִינְנֶענְדִיקֶע וַואסֶערְן זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אֵיינֶע מוֹיעֶר, דִיא אָבגְרוּנְדֶען זֶענֶען גֶעגְלִיוֶוערְט אִין דֶעם הארץ פוּן דֶעם יַם :

9 דֶער פֵיינְד הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ וֶועל נָאכְיָאגֶען, אִיךְ וֶועל דֶערגְרֵייכֶען, אִיךְ וֶועל טֵיילֶען דָעם רוֹיב, מֵיינֶע זֶעלֶע זָאל דֶערפִילְט וֶוערֶען פוּן זֵייא, אִיךְ וֶועל צִיהֶען מֵיין שְׁוֶוערְט, מֵיינֶע הַאנְד זָאל זֵייא פֶערְטִילְגֶען :

10 דוּא הָאסְט גֶעוֶועהְט מִיט דֵיין ווִינְד, דָאס יַם הָאט זֵייא בֶּעדֶעקְט, זֵייא זֶענֶען פֶערְזִינְקֶען גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא בְּלֵייא אִין דִיא שְׁטַארְקֶע וַואסֶערְן :

11 וֶוער אוּנְטֶער דִיא גֶעטֶער אִיז גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דוּא, הַאר? וֶוער אִיז גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דוּא, בֶּעשֵׁיינְט אִין הֵיילִיגְקֵייט, פוּרְכְטבַּאר אִין לוֹיב, גֶעוֶוענְנֶע וָואס טְהוּט וְואוּנְדֶער ?

12 דוּא הָאסְט גֶענֵייגְט דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, דִיא עֶרְד הָאט זֵייא פֶערְשְׁלוּנְגֶען :

13 דוּא הָאסְט גֶעפִיהְרְט מִיט דֵיין גְנָאד דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק, וָואס דוּא הָאסְט דֶערלֵייזְט, דוּא הָאסְט זֵייא גֶעפִיהְרְט מִיט דֵיינֶע שְׁטַארְקֵייט צוּ דֵיינֶע הֵיילִיגֶע וְואוֹינוּנְג :

14 דִיא פֶעלְקֶער הָאבֶּען גֶעהֶערְט, זֵייא דֶערשְׁרֶעקֶען זִיךְ, צִיטֶערְנִיס הָאט עֶר־גְרִיפֶען דִיא אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן פְּלֶשֶׁת :

15 דֶענְצְמָאל זֶענֶען דֶערשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן אֱדוֹם, צִיטֶערְנִיס הָאט עֶרְגְרִיפֶען דִיא הַארֶען פוּן מוֹאָב, אַלֶע אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן כְּנַעַן זֶענֶען צוּ שְׁמָאלְצֶען גֶעוָוארֶען :

16 שְׁרֶעקֶען אוּנְד פוּרְכְט פַאלֶען אוֹיף זֵייא, דוּרְךְ דִיא גְרוֹיסְהֵייט פוּן דֵיין אָרֶעם זֶענֶען זֵייא שְׁטִיל, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אֵיין שְׁטֵיין, בִּיז דֵיין פָאלְק וֶועט אִיבֶּער־פָאהְרֶען, גָאט, בִּיז דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק וֶועט אִיבֶּערפָאהְרֶען וָואס דוּא הָאסְט גֶעקוֹיפְט :

17 דוּא וֶועסְט זֵייא בְּרֶענְגֶען אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵייא פְלַאנְצֶען, אִין דֶעם בַּארג פוּן דֵיינֶע עֶרְבְשַׁאפְט, אִין דֶעם אָרְט וָואס דוּא גָאט הָאסְט גֶעמַאכְט צוּ דֵיינֶע וְואוֹי־נוּנְג, דָאס הֵיילִיגְטהוּם אָ הַאר, וָואס דֵיינֶע הֶענְד הָאבֶּען אָנְבֶּערֵייטֶעט :

18 גָאט קֵינִיגְט אִימֶער אוּנְד אֵייבִּיג :

19 דֶען דָאס פֶערְד פוּן פַּרְעה מִיט זַיינֶע רֵייט וֶועגֶען אוּנְד מִיט זַיינֶע רֵייטֶער אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם יַם, אוּנְד גָאט הָאט צוּרִיק גֶעבְּרַאכְט אִיבֶּער זֵייא דִיא וַואסֶערְן פוּן דֶעם יַם, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער טְרוּקֶענֶעס, אִין מִיטֶען פוּן יַם :

20 אוּנְד מִרְיָם דִיא נְבִיאָה, דִיא שְׁוֶועסְ־טֶער פוּן אַהֲרֹן הָאט גֶענוּמֶען דִיא פּוֹיק אִין אִיהְרֶע הַאנְד, אוּנְד עֶס זֶענֶען אַהוֹיס גֶעגַאנְגֶען אַלֶע ווייבֶּער נָאךְ אִיהְר מִיט פּוֹיקֶען אוּנְד מִיט טַאנְצֶען :

21 אוּנְד מִרְיָם הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט צוּ זֵייא, זִינְגְט צוּ גָאט, דֶען עֶר אִיז הוֹיךְ

דערהויכט

דערהויבּט, דאס פערד אונד זיין רייטער
האט ער געוואָרפען אין דעם ים אַריין :
22 אונד משה האט געמאַכט ציהען
דיא קינדער ישראל פון ים סוף אונד
זייא זענען אַרויס געגאַנגען צו דיא
וויסטעניא פון שור, אונד זייא זענען
געגאַנגען דרייא טעג רייז אין דער
וויסטעניא, אונד זייא האבען ניט גע־
פונען קיין וואַסער :
23 אונד זייא זענען געקומען קיין מרה
אונד זייא האבען ניט געקאָנט טרינקען
דיא וואַסערן פון מרה, וויל זייא זענען
געוועזען ביטער, דארום האט מאַן
גערופען איהר נאָמען מרה :
24 אונד דאס פאָלק האט געמורמעלט
קעגען משה צו זאָגען, וואס זאָלען
מיר טרינקען ?
25 אונד ער האט געשריגען צו גאָט,
אונד גאָט האט איהם געוויזען איין
האָלץ, אונד ער האט עס געוואָרפען
אין דיא וואַסערן אַריין, אונד דיא
וואַסערן זענען זיס געוואָרען, דאָרטען
האט ער געמאַכט צו איהם איין געזעץ
אונד איין געריכט, אונד דאָרטען האט
ער איהם געפּריפט :
26 אונד ער האט געזאָגט, ווען דוא
וועסט פלייסיג הערען צו דיא שטים
פון דעם האר גאָט, אונד דוא וועסט
טהון וואס איז רעכט אין זיינע אויגען
אונד דוא וועסט האָרכען צו זיינע גע־
באָטע, אונד דוא וועסט היטען אַלע
זיינע געזעץ, אַל דיא קראַנקהייט וואס
איך האָב געטהון אויף דיא מצרים,
וועל איך ניט טהון אויף דיר, דען איך
בין גאָט וואס היילט דיך :
27 אונד זייא זענען געקומען קיין
אילם, אונד דאָרטען זענען געוועזען
צוועלף קוועל ברונען פון וואַסער, אונד
זיבּציג דאַטעל ביימער, אונד זייא
האבען זיך דאָרטען געלאַגערט בּייא
דיא וואַסערן :

## קאפּיטעל טז

א אונד זייא האבען געצויגען פון אילם
אונד דיא גאַנצע געמיינדע פון דיא
קינדער ישראל זענען געקומען צו דיא
וויסטעניא פון סין, וואס איז צווישען
אילים אונד צווישען סין, אין דעם
פינפצעהנטען טאָג צו דעם אַנדערן
חדש, אַז זייא זענען אַרויס געגאַנגען
פון דעם לאַנד מצרים :
2 אונד דיא גאַנצע געמיינדע פון דיא
קינדער ישראל, האט געמורמעלט קעג־
גען משה אונד קעגען אהרן אין דער
וויסטעניא :
3 אונד דיא קינדער ישראל האבען
געזאָגט צו זייא, ווער וואָלט מיר וועג־
רען געשטאָרבען דורך דיא האנד פון
גאָט אין דעם לאַנד מצרים, אַז מיר
זענען געזעסען בייא דעם פלייש טאָפּ
אַז מיר האבען געגעסען ברויט צו זעט־
טיקייט! דען איהר האט אונס אַרויס
געבּראַכט צו דיא דאָזיגע וויסטעניא,
צו טייטען דיא דאָזיגע גאַנצע פער־
זאַמלונג מיט הונגער :
4 אונד גאָט האט געזאָגט צו משה,
זעה איך וועל צו אייך לאָזען רעגנען
ברויט פון הימעל, אונד דאס פאָלק זאָל
אַרויס גיין, אונד זייא זאָלען קלויבּען
דאס בעדירפניס פון איטליכען טאָג אָן
זיין טאָג, פון וועגען אַז איך וועל איהם
פּרובען, אויבּ ער וועט גיין אין מיינע
לערנונג אָדער ניט :
5 אונד עס זאָל זיין אָן דעם זעקסטען
טאָג אַזוי זאָלען זייא אָנבּרייטען וואס

זייא װעלען ברענגען, אונד עס זאל זיין
צװייאפּאבעדיג, איבער דעם װאס זייא
קלויבען איטליכען טאג :
6 אונד משה אונד אהרן האבען גע־
זאגט צו אלע קינדער ישראל, קעגען
אבענד, אזוי װעט איהר װיסען אז גאט
האט אייך ארויס געבראכט פון דעם
לאנד מצרים :
7 אונד קעגען מארגען אזוי װעט איהר
זעהן די העררליכקייט פון גאט, דען
ער האט געהערט אייער מורמעלן קע־
גען גאט, אונד װאס זענען מיר, אז
איהר מורמעלט קעגען אונס ?
8 אונד משה האט געזאגט, װען גאט
װעט אייך געבען אין דעם אבענד
פלייש צו עסען, אונד ברויט אין דעם
מארגען צו זעטיגען, דען גאט האט גע־
הערט אייער מורמעלן, װאס איהר האט
געמורמעלט קעגען איהם, אונד װאס
זענען מיר, ניט קעגען אונס איז אייער
מורמעלן, נייערט קעגען גאט :
9 אונד משה האט געזאגט צו אהרן,
זאג צו די גאנצע געמיינדע פון די
קינדער ישראל, גענעהנט אייך צו פאר
גאט, דען ער האט געהערט אייער
מורמעלן :
10 אונד עס איז געװעזען, אז אהרן
האט גערעדט צו די גאנצע געמיינדע
פון די קינדער ישראל, אזוי האבען
זייא זיך געקעהרט צו די װיסטעניא,
אונד זעה די העררליכקייט פון גאט
האט זיך בעװיזען אין איין װאלקען :
11 אונד גאט האט גערעדט צו משה,
אזוי צו זאגען :
12 איך האב געהערט דאס מורמעלן
פון די קינדער ישראל, רעד צו זייא
צו זאגען, צװישען די צװייא אבענדען
זאלט איהר פלייש עסען, אונד אין דעם
מארגען זאלט איהר פון ברויט זאט
װערען, אונד איהר זאלט װיסען אז איך
בין דער האר, אייער גאט :
13 אונד עס איז געװעזען אין דעם
אבענד, אזוי זענען די װאכטעלן אויף
געגאנגען, אונד זייא האבען בעדעקט
דאס לאגער, אונד אין דעם מארגען איז
דער טויא געלעגען רינגס ארום צו
דעם לאגער :
14 אונד דער ליגענדער טויא איז
אויפגעגאנגען אונד זעה אויף דער
איבערפלעך פון דער װיסטעניא איז
געװעזען עפּעס דינעס, רונדעס, דין
גלייך אזוי װיא פראסט אויף דער ערד :
15 אונד די קינדער ישראל האבען
געזעהען, אונד זייא האבען געזאגט איי־
נער צו דעם אנדערן עס איז מן, װייל
זייא האבען ניט געװאוסט װאס עס איז,
אונד משה האט געזאגט צו זייא, דאס
איז דאס ברויט, װאס גאט האט אייך
געגעבען צו עסען :
16 דאס דאזיגע איז דאס װארט װאס
גאט האט געבאטען, קלייבט דערפון
איטליכער נאך זיין עסען נאך, איין
עמר צו איין קאפּ, נאך די צאהל פון
אייערע זעלען, איהר זאלט נעמען יעדער
צו די װאס זענען אין זיין געצעלט :
17 אונד די קינדער ישראל האבען
אזוי געטהון, אונד זייא האבען געקלי־
בען, דער איינער פיל, דער אנדערער
װייניג :
18 אונד זייא האבען געמאסטען מיט
איין עמר, אונד דער װאס האט פיל
געקליבען, האט ניט איבריג געהאט,
אונד דער װאס האט װייניג געקליבען,
דעם האט ניט געפעהלט, איטליכער

נאך

נָאךְ זַיין עֶסֶען נָאךְ הָאבֶּען זַייא גֶעקְלִיבֶּען׃

19 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַייא, קֵיין מֶענְשׁ זָאל נִיט אִיבֶּער לָאזֶען דֶער פוּן בִּיז מָארְגֶען׃

20 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעהָארְכְט צוּ משֶׁה, אוּנְד מַאנְבֶּע מֶענֶער הָאבֶּען אִיבֶּער גֶעלָאזְט דֶער פוּן בִּיז מָארְגֶען, אוּנְד עֶס זֶענֶען וֶוערְם דֶערפוּן גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶס הָאט גֶעשְׁטוּנְקֶען, אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעצֶערְנְט אוֹיף זַייא׃

21 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעקְלִיבֶּען אָן אִיטְלִיכֶען מָארְגֶען, אִיטְלִיכֶער נָאךְ זַיין עֶסֶען נָאךְ, אוּנְד וֶוען דִיא זוּן הָאט זִיךְ דֶערהִיצְט, אַזוֹי אִיז עֶס צוּ שְׁמָאלְצֶען גֶעוָוארֶען׃

22 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אָן דֶעם זֶעקְסְטֶען טָאג, הָאבֶּען זַייא גֶעקְלִיבֶּען צְווייפָאבֶּעדִיג בְּרוֹיט, צְווייא עֹמֶר צוּ אִיטְלִיבֶען, אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעקוּמֶען אַלֶע עֶלְצְטֶע פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע, אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס פֶערְצֵיילְט צוּ משֶׁה׃

23 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַייא, דָאס אִיז וָואס גָאט הָאט גֶערֶעט, מָארְגֶען אִיז דִיא רוּהוּנְג, דֶער הֵיילִיגֶער שַׁבָּת צוּ גָאט, וָואס אִיהְר זָאלְט בַּאקֶען בַּאקְט, אוּנְד וָואס אִיהְר זָאלְט קָאבֶען קָאכְט אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיבְּרִיג אִיז, לָאזְט לִיגֶען צוּ אֵייךְ צוּ אֵיינֶע הִיטוּנְג בִּיז דֶעם מָארְגֶען׃

24 אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעלָאזְט לִיגֶען בִּיז דֶעם מָארְגֶען, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא משֶׁה הָאט גֶעבָּאטֶען, אוּנְד עֶס הָאט נִיט גֶעשְׁטוּנְקֶען אוּנְד קֵיינֶע וֶוערְם זֶענֶען נִיט גֶעוֶועזֶען דְרִינֶען׃

25 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, עֶסְט הַיינְט, דֶען הַיינְט אִיז שַׁבָּת צוּ גָאט, הַיינְט וֶועט אִיהְר עֶס נִיט גֶעפִינֶען אִין דֶעם פֶעלְד׃

26 זֶעקְס טֶעג זָאלְט אִיהְר עֶס קְלוֹיבֶּען אָבֶּער אָן דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג אִיז שַׁבָּת, עֶס וֶועט נִיט זַיין אִין אִיהְם׃

27 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אָן דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג, זֶענֶען עֶטְלִיכֶע פוּן דֶעם פָאלְק אַרוֹיס גֶענַאנְגֶען צוּ קְלֵייבֶּען, אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען׃

28 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ משֶׁה, בִּיז וִויא לַאנְג וֶועט אִיהְר נִיט וֶועלֶען הִיטֶען מֵיינֶע גֶעבָּאטֶע, אוּנְד מֵיינֶע לֶערְנוּנְגֶען?

29 זֶעהְט, אַז גָאט הָאט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען דֶעם שַׁבָּת, דָארוּם גִיט עֶר אֵייךְ אָן דֶעם זֶעקְסְטֶען טָאג דָאס בְּרוֹיט פוּן צְווייא טֶעג, זִיצְט אִיטְלִיכֶער אוֹיף זַיין אָרְט, עֶס זָאל קֵיינֶער נִיט אַרוֹיס גֵיין פוּן זַיין אָרְט אָן דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג׃

30 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶערוּהְט אָן דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג׃

31 אוּנְד דָאס הוֹיז יִשְׂרָאֵל הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען מָן, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וַוייס, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא קוֹרִיינְדֶער זָאמֶען, אוּנְד זַיין גֶעשְׁמַאק גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא קוּבֶען מִיט הָאנִיג׃

32 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז דָאס וָוארְט וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען, דֶערפִיל אֵיין עֹמֶר דֶערפוּן צוּ אֵיינֶע הִיטוּנְג צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, פוּן וֶועגֶען אַז זַייא זָאלֶען זֶעהֶען דָאס בְּרוֹיט, וָואס אִיךְ הָאב אֵייךְ גֶעמַאכְט עֶסֶען אִין דֶער וִוסְטֶענֵייא, אַז אִיךְ הָאב אֵייךְ אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם׃

33 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן גֶעם אֵיין גֶעפֶעס, אוּנְד לֵייג דָארְטֶען אַהִין אֵיין עֹמֶר פוּל מָן, אוּנְד לֵייג עֶס

צוּ פַאר גָאט צוּ אֵיינֶע הִיטוּנְג צוּ
אֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער :
34 גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּא־
טֶען צוּ מֹשֶׁה, אוּנְד אַהֲרֹן הָאט עֶס
גֶעלֵייגְט צוּ פַאר דֶעם צֵייגְנִיס, צוּ
אֵיינֶע הִיטוּנְג :
35 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
גֶעגֶעסֶען דֶעם מָן פֶערְצִיג יָאהר, בִּיז
אַז זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ אֵיין בֶּע־
וָואוֹינְטֶען לַאנְד; דֶעם מָן הָאבֶּען זֵייא
גֶעגֶעסֶען בִּיז אַז זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען
צוּ דֶעם עֶק פוּן דֶעם לַאנְד כְּנָעַן :
36 אוּנְד דֶער עֹמֶר אִיז דֶער צֶעהְנְטֶע
טֵייל פוּן אֵיין אֵיפָה :

קַאפִּיטֶעל יז

א אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעצוֹיגֶען פוּן דִיא
וִויסְטֶענֵייא סִין צוּ זֵייעֶרֶע צִיהוּנְגֶען, נָאךְ
דֶעם וָוארְט פוּן גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אִין רְפִידִים, אוּנְד עֶס
אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין וַואסֶער פַאר דֶעם
פָאלְק צוּ טְרִינְקֶען :
2 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ גֶעקְרִיגְט
מִיט מֹשֶׁה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
גִיבּ אוּנְס וַואסֶער אַז מִיר זָאלֶען טְרִינְ־
קֶען. אוּנְד מֹשֶׁה הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט
וָואס קְרִיגְט אִיהר אֵייךְ מִיט מִיר? וָוארוּם
וִוילְט אִיהר גָאט פְּרוּבֶען ?
3 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעדוּרְשְׁטֶעט
דָארְטֶען נָאךְ וַואסֶער, אוּנְד דָאס פָאלְק
הָאט גֶעמוּרְמֶעלְט קֶעגֶען מֹשֶׁה, אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, פַאר וָואס הָאסְט דוּא
אוּנְס אַרוֹיף גֶעבְּרַאכְט פוּן מִצְרַיִם
צוּ טֵייטֶען מִיךְ אוּנְד מֵיינֶע קִינְדֶער
אוּנְד מֵיין פִיךְ מִיט דוּרְשְׁט ?
4 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעשְׁרִיגֶען צוּ גָאט
צוּ זָאגֶען, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן צוּ דֶעם
דָאזִיגֶען פָאלְק ? נָאךְ אֵיין וֶוענִיג אַזוֹי
וֶועלֶען זֵייא מִיךְ פַארְשְׁטֵיינִינְגֶען :
5 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
גֵייא פַארְבֵּייא פַאר דֶעם פָאלְק, אוּנְד
נֶעם מִיט דִיר פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דֵיין שְׁטֶעקֶען וָואס דוּא
הָאסְט גֶעשְׁלָאגֶען מִיט אִיהְם דֶעם טֵייךְ,
נֶעם אִין דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
גֵיין :
6 זֶעה, אִיךְ וֶועל שְׁטֵיין צוּ פַאר דִיר
דָארְטֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְזֶען אִין חֹרֵב אוּנְד
דוּא זָאלְסְט שְׁלָאגֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְזֶען
אוּנְד עֶס וֶועלֶען אַרוֹיס גֵיין פוּן אִיהְם
וַואסֶער, אַז דָאס פָאלְק זָאל טְרִינְקֶען.
אוּנְד מֹשֶׁה הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן פַאר דִיא
אוֹיגֶען פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל :
7 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען דֶעם נָא־
מֶען פוּן דֶעם אָרְט מַסָּה אוּנְד מְרִיבָה,
פוּן וֶועגֶען דָאס קְרִיגֶען פוּן דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד פוּן וֶועגֶען אַז זֵייא הָאבֶּען
גֶעפְּרוּבְט גָאט, צוּ זָאגֶען, אִיז גָאט
צְווִישֶׁען אוּנְס אָדֶער נִיט ?
8 אוּנְד עֲמָלֵק אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר
הָאט קְרִיג גֶעפִיהְרְט מִיט יִשְׂרָאֵל אִין
רְפִידִים .
9 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ,
דֶערְוֵוייל צוּ אוּנְס מֶענֶער, אוּנְד גֵייא
אַרוֹיס, פִיהְר קְרִיג מִיט עֲמָלֵק, מָארְגֶען
וֶועל אִיךְ שְׁטֵיין אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן
דֶעם בַּארְג, אוּנְד דֶער שְׁטֶעקֶען פוּן
גָאט אִין מֵיינֶע הַאנְד :
10 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעטְהוּן גְלֵייךְ
אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם,
קְרִיג צוּ פִיהְרֶען מִיט עֲמָלֵק, אוּנְד מֹשֶׁה
אַהֲרֹן אוּנְד חוּר זֶענֶען אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען
אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בַּארְג :
11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַז וֶוען

משֶׁה הָאט אויפְגֶעהויבֶּען זַיינֶע הַאנְד, אַזוי אִיז יִשְׂרָאֵל שְׁטַארְק גֶעוֶועזֶען, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זַיינֶע הַאנְד אַרָאבּ גֶעלָאזְט אַזוי אִיז עֲמָלֵק שְׁטַארְק גֶעוָוארֶען׃

12 אוּנְד דִיא הֶענְד פוּן משֶׁה זֶענֶען שְׁוֶוער גֶעוָוארֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶע־נוּמֶען אֵיין שְׁטֵיין, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן אוּנְטֶער אִיהְם, אוּנְד עֶר אִיז דְרויף גֶעזֶעסֶען, אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד חוּר הָאבֶּען אוּנְטֶער גֶעלֶעהְנְט זַיינֶע הֶענְד, דֶער אֵיינֶער פוּן דֶער זַייט, דֶער אַנְ־דֶערֶער פוּן יֶענֶער זַייט, אוּנְד זַיינֶע הֶענְד זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֶּעפֶעסְטִיגְט בִּיז אַז דִיא זוּן אִיז אוּנְטֶער גֶעגַאנְגֶען׃

13 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט דֶעם עֲמָלֵק שְׁוַואךְ גֶעמַאכְט, אוּנְד זַיין פָאלְק, מִיט דִיא שַׁארְף פוּן זַיין שְׁוֶוערְט׃

14 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ משֶׁה, שְׁרַייבּ דָאס דָאזִיגֶע אַלְס גֶעדֶערְכְטְנִיס אִין דֶעם בּוּךְ, אוּנְד טְהוּ עֶס אִין דִיא אוֹיעֶרֶען פוּן יְהוֹשֻׁעַ, דֶען אִיךְ וֶועל גֶע־וִויס אָבְּמֶעקֶען דָאס גֶעדֶערְכְטְנִיס פוּן עֲמָלֵק פוּן אוּנְטֶער דִיא הִימֶעל׃

15 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעבּויט אֵיין מִזְבֵּחַ, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען יְהוָֹה נִסִּי׃

16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶען דִיא הַאנְד אִיז אויף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן גָאט, גָאט הָאט קְרִיג מִיט עֲמָלֵק פוּן דוֹר צוּ דוֹר׃

קאפיטעל יח

א אוּנְד יִתְרוֹ, דֶער כֹּהֵן פוּן מִדְיָן, דֶער שְׁוֶועהְר פוּן משֶׁה, הָאט גֶעהֶערְט אַלֶעס וָואס גָאט הָאט גֶעטְהוּן צוּ משֶׁה אוּנְד צוּ יִשְׂרָאֵל זַיין פָאלְק, אַז גָאט הָאט אַרויס גֶעבְּרַאכְט יִשְׂרָאֵל פוּן מִצְרַיִם׃

2 אוּנְד יִתְרוֹ, דֶער שְׁוֶועהְר פוּן משֶׁה הָאט גֶענוּמֶען דִיא צִפּוֹרָה, דָאס וַוייבּ פוּן משֶׁה, נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט זִיא אַוֶועק גֶעשִׁיקְט׃

3 אוּנְד אִיהְרֶע צְוֵוייא זִיהְן, וָואס דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם אֵיינֶען אִיז גֵּרְשֹׁם, וַוייל עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ בִּין אֵיין פְרֶעמְד־לִינְג גֶעוֶועזֶען אִין אֵיין פְרֶעמְד לַאנְד׃

4 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם אֵיינֶען אֱלִיעֶזֶר, דֶען דֶער גָאט פוּן מֵיין פָאטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אִין מֵיין הִילְף, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ בֶּעשִׁיצְט פוּן דֶעם שְׁוֶוערְט פוּן פַּרְעֹה׃

5 אוּנְד יִתְרוֹ, דֶער שְׁוֶועהְר פוּן משֶׁה אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד זַיין וַוייבּ צוּ משֶׁה, צוּ דִיא וִויסְטֶענֵייא וְואוּ עֶר הָאט זִיךְ דָארְטֶען גֶעלַאגֶערְט, אויף דֶעם בַּארְג פוּן גָאט׃

6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ משֶׁה, אִיךְ יִתְרוֹ, דֵיין שְׁוֶועהְר קוּם צוּ דִיר, אוּנְד דֵיין וַוייבּ אוּנְד אִיהְרֶע צְוֵוייא זִיהְן מִיט אִיהְר׃

7 אוּנְד משֶׁה אִיז אַרויס גֶעגַאנְגֶען עֶנְטְקֶעגֶען זַיין שְׁוֶועהְר, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבּוּקְט, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶע־קוּשְׁט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעפְרֶעגְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן נָאךְ פְרִידֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין דֶעם גֶעצֶעלְט אַרַיין׃

8 אוּנְד משֶׁה הָאט פֶערְצֵיילְט צוּ זַיין שְׁוֶועהְר, אַלֶעס וָואס גָאט הָאט גֶעטְהוּן צוּ פַּרְעֹה, אוּנְד צוּ דִיא מִצְרִים פוּן וֶועגֶען יִשְׂרָאֵל, אַלֶע מִידִיגְקֵייט וָואס הָאט זַייא גֶעטְרָאפֶען אויף דֶעם וֶועג, אוּנְד גָאט הָאט זַייא בֶּעשִׁירְמְט׃

9 אוּנְד יִתְרוֹ הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייט אִיבֶּער אַל דָאס גוּטֶע וָואס גָאט הָאט גֶעטְהוּן צוּ יִשְׂרָאֵל אַז עֶר הָאט אִיהְם בֶּעשִׁירְמְט

פון דיא הֶענְד פון דיא מִצְרִים :

10 אונְד יִתְרוֹ הָאט גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט זַייא גָאט וָואס הָאט אֵייךְ בֶּעשִׁירְמְט פון דיא הֶענְד פון דיא מִצְרַיִם, אונְד פון דיא הַאנְד פון פַּרְעֹה, אַז עֶר הָאט בֶּעשִׁירְמְט דָאס פָאלְק פון אונְטֶער דיא הַאנְד פון מִצְרַיִם :

11 אַצוּנְד ווייס אִיךְ אַז גָאט אִיז גְרֶעסֶער פון אַלֶע גֶעטֶער, דֶען אִין דֶער זַאךְ וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעמוּטְווִילִיגְט אִיז עֶר אִיבֶּער זַייא :

12 אונְד יִתְרוֹ, דֶער שְׁוֶועהֶר פון מֹשֶׁה, הָאט גֶענוּמֶען אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער אונְד שֶׁעכְט אָפְּפֶער צוּ גָאט, אונְד אַהֲרֹן אִיז גֶעקוּמֶען אונְד אַלֶע עֶלְצְטֶע פון יִשְׂרָאֵל צוּ עֶסֶען בְּרוֹיט מִיט דֶעם שְׁוֶועהֶר פון מֹשֶׁה צוּ פַאר גָאט :

13 אונְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אָן דֶעם מָארְגֶעדִיגֶען טָאג, אַז מֹשֶׁה אִיז גֶעזֶעסֶען צוּ רִיכְטֶען דָאס פָאלְק, אונְד דָאס פָאלְק אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא מֹשֶׁה פון דֶעם מָארְגֶען בִּיז צוּ דֶעם אָבֶענְד :

14 אונְד דֶער שְׁוֶועהֶר פון מֹשֶׁה הָאט גֶעזֶעהֶען אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ דֶעם פָאלְק, אונְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דיא דָאזִיגֶע זַאךְ וָואס דוּא טְהוּסְט צוּ דֶעם פָאלְק? וָוארוּם זִיצְסְט דוּא אַלֵיין, אונְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק שְׁטֵייט בֵּייא דִיר פון מָארְגֶען בִּיז אָבֶענְד?

15 אונְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין שְׁוֶועהֶר, ווייל דָאס פָאלְק קוּמְט צוּ מִיר נָאךְ צוּ פָארְשֶׁען בֵּייא גָאט :

16 וֶוען אֵיין זַאךְ אִיז צוּ זַייא, קוּמֶען זַייא צוּ מִיר, אונְד אִיךְ רִיכְטֶע צְווִישֶׁען דֶעם אֵיינֶעם אונְד צְווִישֶׁען דֶעם אַנְדֶערְן, אונְד אִיךְ לָאז זַייא ווִיסֶען דיא גֶעזֶעצֶע פון גָאט אונְד זַיינֶע לֶערְנוּנְגֶען :

17 אונְד דֶער שְׁוֶועהֶר פון מֹשֶׁה הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דיא זַאךְ אִיז נִיט גוּט וָואס דוּא טְהוּסְט :

18 דוּא וֶוערְסְט גָאר מִידֶע, אוֹיךְ דוּא אוֹיךְ דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק וָואס אִיז בֵּייא דִיר, דֶען דיא זַאךְ אִיז דִיר צוּ שְׁוֶוער, דוּא קָאנְסְט עֶס נִיט טְהוּן אַלֵיין :

19 אַצוּנְד הֶער צוּ מֵיינֶע שְׁטִים, אִיךְ וֶועל דִיר רָאטֶען, אונְד גָאט וֶועט זַיין מִיט דִיר, זַייא דוּא צוּ דֶעם פָאלְק קֶעגֶען אִיבֶּער גָאט, אַז דוּא זָאלְסְט דיא זַאכֶען בְּרֶענְגֶען צוּ גָאט :

20 אונְד דוּא זָאלְסְט זַייא לֶערְנֶען מִיט וָוארְנוּנְג דיא גֶעזֶעצֶע, אונְד דיא לֶערְנוּנְגֶען, אונְד זָאלְסְט זַייא ווִיסֶען לָאזֶען דֶעם וֶועג אַז זַייא זָאלֶען גֵיין אִין אִיהְם אונְד דָאס וֶוערְק וָואס זַייא זָאלֶען טְהוּן :

21 אונְד דוּא זָאלְסְט אוֹיסְדֶערְוֶוועהְלֶען פון דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק מֶעכְטִיגֶע מֶענֶער, וָואס פִירְכְטֶען גָאט, מֶענֶער פון וָוארְהֵייט, וָואס הָאבֶען פֵיינְד גֵייצִיגְקֵייט אונְד דוּא זָאלְסְט זֶעצֶען אִיבֶּער זַייא פִירְשְׁטֶען פון טוֹיזֶענְד, פִירְשְׁטֶען פון הוּנְדֶערְט, פִירְשְׁטֶען פון פִינְפְצִיג אונְד פִירְשְׁטֶען פון צֶעהְן :

22 אונְד זַייא זָאלֶען רִיכְטֶען דָאס פָאלְק אִין אַלֶע צֵייט, אונְד עֶס וֶועט זַיין אִיטְלִיכֶע גְרוֹיסֶע זַאךְ זָאלֶען זַייא בְּרֶענְגֶען צוּ דִיר, אונְד אִיטְלִיכֶע קְלֵיינֶע זַאךְ זָאלֶען זַייא רִיכְטֶען, אונְד עֶס וֶועט פַאר דִיר לֵייכְטֶער זַיין, אונְד זַייא זָאלֶען טְרָאגֶען מִיט דִיר :

23 וֶוען דוּא וֶועסְט טְהוּן דיא דָאזִיגֶע זַאךְ אונְד גָאט וֶועט דִיר גֶעבִּיטֶען, אַזוֹי וֶועסְטוּ קֶענֶען בֶּעשְׁטֵיין, אונְד אוֹיךְ דָאס גַאנְצֶע דָאזִיגֶע פָאלְק וֶועט קוּמֶען אוֹיף זַיין אָרְט אִין פְרִידֶען :

אונְד

24 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעהָארְכְט צוּ דִיא
שְׁטִים פוּן זַיין שְׁוֶועהֶר, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעטְהוּן אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט׃
25 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט אוֹיסְדֶערְוֶוײלְט
מֶעכְטִיגֶע מֶענֶער פוּן גַאנְץ יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעמַאכְט הוֹיפְּטְלַייט
אִיבֶּער דֶעם פָאלְק, פִירְשְׁטֶען פוּן טוֹיר־
זֶענְד, פִירְשְׁטֶען פוּן הוּנְדֶערְט, פִירְשְׁטֶען
פוּן פִינְפְצִיג אוּנְד פִירְשְׁטֶען פוּן צֶעהְן׃
26 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערִיכְטֶעט דָאס
פָאלְק צוּ אַלֶע צַייט, אֵיינֶע שְׁוֶוערֶע
זַאךְ הָאבֶּען זַייא גֶעבְּרַאכְט צוּ מֹשֶׁה,
אוּנְד אִיטְלִיכֶע קְלֵיינֶע זַאךְ הָאבֶּען זַייא
זֶעלְבְּסְט גֶערִיכְטֶעט׃
27 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט אַוֶועק גֶעשִׁיקְט
זַיין שְׁוֶועהֶר, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ
זַיין אֵייגֶען לַאנְד׃

## קאפיטעל יט

א אִין דֶעם דְרִיטֶען חֹדֶשׁ, אַז דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען
פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אִין דֶעם דָא־
זִיגֶען טָאג זֶענֶען זַייא גֶעקוּמֶען צוּ דִיא
וִוישְׂטֶענַייא סִינָי׃
2 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעצוֹיגֶען פוּן
רְפִידִים, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ
דִיא וִוישְׂטֶענַייא סִינַי אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעלַאגֶערְט אִין דֶער וִוישְׂטֶענַייא, אוּנְד
יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעלַאגֶערְט דָארְטֶען פַאר
דֶעם בֶּערְג׃
3 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען
צוּ גָאט, אוּנְד גָאט הָאט גֶערוּפֶען צוּ
אִיהְם פוּן דֶעם בֶּערְג צוּ זָאגֶען, אַזוֹי
זָאלְסְטוּ זָאגֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן יַעֲקֹב,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט פֶערְצֵיילֶען צוּ דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃
4 אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעטְהוּן צוּ מִצְרַיִם, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ
גֶעטְרָאגֶען אוֹיף אָדְלֶער פְלִיגֶער, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעבְּרַאכְט צוּ מִיר׃
5 אוּנְד אַצוּנְד, וֶוען אִיהְר וֶועט פְלֵיי־
סִיג הֶערֶען צוּ מֵיינֶע שְׁטִים אוּנְד אִיהְר
וֶועט הִיטֶען מֵיין בּוּנְד, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר
זַיין צוּ מִיר אֵיין אֵייגֶענְטְהוּם (סְגוּלָּה)
מֶעהְר פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער, דֶען צוּ מִיר
אִיז דִיא גַאנְצֶע עֶרְד׃
6 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זַיין צוּ מִיר אֵיין
קֶענִיגְרַייךְ פוּן כֹּהֲנִים, אוּנְד אֵיין הֵיי־
לִיגֶעס פָאלְק; דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא
וֶוערְטֶער וָואס דוּא זָאלְסְט רֶעדֶען צוּ
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃
7 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר
הָאט גֶערוּפֶען צוּ דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם
פָאלְק, אוּנְד עֶר הָאט פָארְגֶעלֵייגְט פַאר
זַייא אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער וָואס
גָאט הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען׃
8 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט גֶע־
עֶנְטְפֶערְט מִיט אֵיינְאַנְדֶער, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַלֶעס וָואס גָאט הָאט
גֶערֶעט וֶועלֶען מִיר טְהוּן. אוּנְד מֹשֶׁה
הָאט צוּרִיק גֶעבְּרַאכְט דִיא וֶוערְטֶער
פוּן דֶעם פָאלְק צוּ גָאט׃
9 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
זֶעה אִיךְ קוּם צוּ דִיר אִין אֵיין דִיקֶען
וָואלְקֶען, פוּן וֶועגֶען אַז דָאס פָאלְק זָאל
הֶערֶען ווִיא אִיךְ רֶעד מִיט דִיר, אוּנְד
זַייא זָאלֶען אוֹיךְ גְלוֹיבֶּען אָן דִיר צוּ
אֵייבִּיגְקֵייט. אוּנְד מֹשֶׁה הָאט פֶערְצֵיילְט
דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם פָאלְק צוּ גָאט׃
10 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
גֵייא צוּ דֶעם פָאלְק אוּנְד דוּא זָאלְסְט
זַייא הֵיילִיגֶען הֵיינְט אוּנְד מָארְגֶען, אוּנְד
זַייא זָאלֶען וַואשֶׁען זַיירֶע קְלֵיידֶער׃
11 אוּנְד זַייא זָאלֶען אָנְגֶעבְּרֵייט זַיין
צוּ דֶעם דְרִיטֶען טָאג, דֶען אָן דֶעם

דריטען

דְרִיטֶען טָאג וֶועט גָאט אַרָאבּ נִידֶערְן צוּ פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, אוֹיף דֶעם בֶּערְג סִינַי:

12 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָבּגְרֶענְצֶען דָאס פָאלק רִינְגְס אַרוּם אוּנְד זָאגֶען, הִיטֶעט אֵייךְ אַרוּיף צוּ גֵיין אוֹיף דֶעם בֶּערְג, אוּנְד זַיין עֶק אָנְצוּרִירֶען, אִיטְלִיכֶער וָואס רִירְט אָן דֶעם בֶּערְג זָאל גֶעוִויס גֶעטֵייטֶעט ווֶערֶען:

13 קֵיין הַאנְד זָאל נִיט אָנְרִיהְרֶען אָן אִיהְם, וָוארִין עֶר זָאל גֶעשְׁטֵיינִיגְט ווֶערֶען אָדֶער עֶר זָאל דֶערשָׁאסֶען ווֶערֶען, עֶס זַייא אַ בְּהֵמָה אָדֶער מֶענְש, עֶס זָאל נִיט לֶעבֶּען, ווֶען מַאן וֶועט לַאנְג בְּלָאזֶען מִיט דֶעם הָארְן זָאלֶען זַייא אַרוּיף גֵיין אוֹיף דֶעם בַּארְג:

14 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט אַרָאפּגֶענִידֶערְט פוּן דֶעם בַּארְג צוּ דֶעם פָאלְק, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵיילִיגְט דָאס פָאלְק, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעוַואשֶׁען זַייעֶרֶע קְלֵיידֶער:

15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, זַייט אָנְבֶּערֵייט צוּ דֶעם דְרִיטֶען טָאג, אִיהְר זָאלְט נִיט גֶענֶעהֶנֶען צוּ אֵיין וַוייבּ:

16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אָן דֶעם דְרִיטֶען טָאג אַז עֶס אִיז מָארְגֶען גֶעוָוארֶען, אַזוֹי זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דוּנֶער אוּנְד בְּלִיצֶען, אוּנְד אֵיין שְׁווֶערֶער וָואלְקֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג, אוּנְד דִיא שְׁטִים פוּן דֶעם שוֹפָר אִיז זֶעהְר שְׁטַארְק גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶס הָאט זִיךְ דֶערשְׁרָאקֶען דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם לַאגֶער:

17 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט דָאס פָאלְק פוּן דֶעם לַאגֶער אַנְטְקֶעגֶען גָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אָן דֶער אוּנְטֶערְשְׁטֶען זַייט פוּן דֶעם בַּארְג:

18 אוּנְד דֶער גַאנְצֶער בַּארְג סִינַי הָאט גֶערוֹיכְט, פוּן וֶועגֶען וַוייל גָאט הָאט אַרָאפּגֶענִידֶערְט אוֹיף אִיהְם אִים פַייעֶר, אוּנְד זַיין רוֹיךְ אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דֶער רוֹיךְ פוּן דֶעם קַאלְךְ אוֹיוֶוען, אוּנְד דֶער גַאנְצֶער בַּארְג הָאט זֶעהְר גֶעצִיטֶערְט:

19 אוּנְד דִיא שְׁטִים פוּן דֶעם שוֹפָר הָאט זִיךְ אַלֶע מָאל מֶעהְר גֶעשְׁטַארְקְט, מֹשֶׁה הָאט גֶערֶעט אוּנְד גָאט הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אֵיין שְׁטִים:

20 אוּנְד גָאט הָאט אַרָאפּגֶענִידֶערְט אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בַּארְג, אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען:

21 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, נִידֶער אַרָאפּ, בֶּעצֵייג אָן דֶעם פָאלְק, פִילֵייכְט מֶעכְטֶען זַייא דוּרְכבְּרֶעכֶען צוּ גָאט צוּ זֶעהֶען, אוּנְד פִיל פוּן זַייא מֶעכְטֶען פַאלֶען:

22 אוּנְד אוֹיךְ דִיא כֹּהֲנִים וָואס גֶענֶעהֶנֶען צוּ גָאט זָאלֶען זִיךְ הֵיילִיגֶען, פִילֵייכְט מֶעכְטֶע גָאט אָן זַייא אֵיינְבְּרֶעכֶען:

23 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט, דָאס פָאלק קָאן נִיט אַרוֹיף גֵיין צוּ דֶעם בַּארְג סִינַי, וַוייל דוּא הָאסְט בֶּעצֵייגְט אוֹיף אוּנְס צוּ זָאגֶען, גְרֶענֶעץ אָפּ דֶעם בַּארְג אוּנְד הֵיילִיג אִיהְם:

24 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם, גֵייא, נִידֶער אַרָאפּ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אַרוֹיפְקוּמֶען, דוּא אוּנְד אַהֲרֹן מִיט דִיר, אָבֶּער דִיא כֹּהֲנִים אוּנְד דָאס פָאלְק, זָאלֶען נִיט דוּרכבְּרֶעכֶען אַרוֹיף צוּ גֵיין צוּ גָאט, פִילֵייכְט מֶעכְטֶע עֶר אָן זַייא אֵיינְבְּרֶעכֶען:

25 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אַרָאפּגֶענִידֶערְט

צו דעם פאָלק, אונד ער האָט געזאָגט
צו זייא:

קאפּיטעל כ

א אונד גאָט האָט גערעט אַלע דיא
דאָזיגע ווערטער אַזוי צו זאָגען:
2 איך בין דער האר דיין גאָט, וואָס איך
האָב דיך אַרויס געבראַכט פון דעם
לאַנד מצרים, פון דעם דינסט הויז:
3 עס זאָלען קיינע אַנדערע געטער
ניט זיין צו דיר, פאַר מיין אָנגעזיכט:
4 דוא זאָלסט ניט מאַכען צו דיר קיין
געשניצטעס בילד, אונד קיינערלייא
גלייכנים וואָס איז אין הימעל פון
אויבען אונד וואָס איז אויף דער ערד
פון אונטען, אונד וואָס איז אין דיא
וואַסערען פון אונטער דיא ערד:
5 דוא זאָלסט דיך ניט בוקען צו זייא
אונד דוא זאָלסט זייא ניט דינען, דען
איך בין דער האר דיין גאָט איין ראַכע־
דיגער גאָט, וואָס געדענקט דיא זינד
פון דיא פעטער אויף דיא קינדער, אויף
דאָס דריטע אונד אויף דאָס פירטע
געשלעכט צו מיינע פיינד:
6 אונד וואָס טהוט באַרעמהערציגקייט
צו טויזענדען, צו דיא וואָס ליבען מיך,
אונד צו דיא וואָס היטען מיינע געבאָטע:
7 דוא זאָלסט ניט אויפהייבען דעם נאָ־
מען פון דעם האר דיין גאָט אומזאָנסט,
ווייל גאָט וועט ניט אומשולדיג לאָזען דעם
וואָס אויפהייבט זיין נאָמען אומזאָנסט:
8 געדענק דעם טאָג פון שבת, איהם
צו היילינען:
9 זעקס טעג זאָלסטו אַרבייטען, אונד
דוא זאָלסט טהון אַלע דיינע אַרבייט:
10 אָבער דער זיבעטער טאָג איז שבת
צום האר דיין גאָט, דוא זאָלסט ניט טהון
קיינערלייא אַרבייט, דוא אונד דיין זוהן
אונד דיינע טאָכטער, דיין קנעכט אונד
דיינע דינסט מויד, אונד דיינע בהמה,
אונד דיין פרעמדלינג וואָס איז אין
דיינע טויערען:
11 ווייל אין זעקס טעג האָט גאָט
געמאַכט דיא הימעל אונד דיא ערד,
דאָס ים אונד אַלעס וואָס איז אין זייא,
אונד ער האָט גערוהט אָן דעם זיבע־
טען טאָג, דארום האָט גאָט געבענשט
דעם טאָג פון שבת, אונד ער האָט
איהם געהייליגט:
12 עהרע דיין פאָטער אונד דיינע
מוטער, פון וועגען אַז דיינע טעג
זאָלען זיך דערלענגערן אויף דער ערד,
וואָס דער האר דיין גאָט גיבט צו דיר:
13 דוא זאָלסט ניט טויט שלאָגען:
14 דוא זאָלסט ניט מנאף זיין:
15 דוא זאָלסט נוט שטעהלען:
16 דוא זאָלסט ניט בעצייגען קיין
פאַלש צייגנים געגען דיין געזעלען:
17 דוא זאָלסט ניט גלוסטען דאָס
הויז פון דיין געזעלען. דוא זאָלסט
ניט גלוסטען דאָס ווייב פון דיין גע־
זעלען, אָדער זיין קנעכט, אָדער זיין
דינסט מויד, אָדער זיין אָקס, אָדער
זיין איזעל, אָדער אַלערלייא וואָס
געהערט צו דיין געזעלען:
18 אונד דאָס גאַנצע פאָלק האָבען
געזעהען דיא דונערן אונד דיא פלאַמען
אונד דיא שטים פון דעם שופר, אונד
דעם רויכענדיגען באַרג, אונד דאָס
פאָלק האָט געזעהען, אונד זייא האָ־
בען געציטערט, אונד זייא זענען
געשטאַנען פון ווייטען:
19 אונד זייא האָבען געזאָגט צו משה,
רעד דוא מיט אונס, אונד מיר וועלען
הערען, אָבער גאָט זאָל ניט רעדען
אונד

מִיט אוּנס, אַז מִיר זָאלֶען נִיט שְׁטֶערְבֶּען׃
20 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
פָאלְק, פֶערְכְט אֵייךְ נִיט, וָוייל גָאט אִיז
גֶעקוּמֶען פוּן וֶועגֶען אֵייךְ צוּ פְּרוּבֶען
אוּנְד פוּן וֶועגֶען אַז זַיין פוּרְכְט זָאל זַיין
אוֹיף אֵייךְ, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט זִינְדִיגֶען׃
21 אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז גֶעשְׁטַאנֶען
פוּן וַוייטֶען, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט זִיךְ גֶע־
גֶעהֶנְט צוּ דֶעם נֶעבֶּעל וְואוּ גָאט אִיז
גֶעוֶועזֶען דָארְטֶען׃
22 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זָאגֶען צוּ דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל, אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז אִיךְ
הָאבּ גֶערֶעט מִיט אֵייךְ פוּן הִימֶעל׃
23 אִיהְר זָאלְט נִיט מַאכֶען נֶעבֶּען מִיר
קֵיינֶע גֶעטֶער פוּן זִילְבֶּער, אוּנְד קֵיינֶע
גֶעטֶער פוּן גָאלְד זָאלְט אִיהְר נִיט
מַאכֶען צוּ אֵייךְ׃
24 אֵיין אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל פוּן עֶרְד זָאלְסְטוּ
מַאכֶען צוּ מִיר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָפּ־
פֶּערְן אוֹיף אִיהְם דֵיינֶע בְּרַאנְד־אָפְּפֶער
אוּנְד דֵיינֶע פְּרִיד־אָפְּפֶער, דֵיינֶע שָׁאף
אוּנְד דֵיינֶע רִינְדֶער, אָן אִיטְלִיכֶען אָרְט
וְואוּ אִיךְ וֶועל לָאזֶען גֶערֶעדֶענְקֶען מֵיין
נָאמֶען וֶועל אִיךְ קוּמֶען צוּ דִיר אוּנְד
אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ בֶּענְשֶׁען׃
25 אוּנְד וֶוענְן דוּא וֶועסְט מַאכֶען צוּ
מִיר אֵיין אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל פוּן שְׁטֵיינֶער,
אַזוֹי זָאלְסְטוּ זֵייא נִיט בּוֹיעֶן פוּן גֶעהַאקְטֶע
שְׁטֵיינֶער, וָוייל דוּא הָאסְט אוֹיפְגֶעהוֹי־
בֶּען דֵיין שְׁוֶוערְט (אֵייזֶען) אוֹיף אִיהְם,
אוּנְד דוּא הָאסְט אִיהְם פֶערְשְׁוֶועכְט׃
26 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט אוֹיף שְׁטַאפֶּ־
פֶּעלְן אַרוֹיף גֵיין אוֹיף מֵיין אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל,
אַז דֵיין שַׁאנְד זָאל נִיט אוֹיפְגֶעדֶעקְט
וֶוערֶען אוֹיף אִיהְם׃

קַאפִּיטֶעל כא

א אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זַאגֶען דִיא גֶערִיכְטֶע
צוּ זַיין זוֹהְן, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס

וָואס דוּא זָאלְסְט פָּארְלֵייגֶען פַאר זֵייא׃
2 וֶוען דוּא וֶועסְט קוֹיפֶען אֵיין יוּדִי־
שֶׁען קְנֶעכְט, זֶעקְס יָאהְר זָאל עֶר דִינֶען
אוּנְד אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען יָאהְר זָאל עֶר
אַרוֹיסגֵיין פְרֵייא אוּמְזָאנְסְט׃
3 וֶוען עֶר אִיז אַלֵיין גֶעקוּמֶען, זָאל עֶר
אַלֵיין אַרוֹיסגֵיין, וֶוען עֶר אִיז אֵיין בֶּעַ־
וַוייבְּטֶער, אַזוֹי זָאל זַיין וַוייבּ אַרוֹיסגֵיין
מִיט אִיהְם׃
4 וֶוען זַיין הַאר הָאט אִיהְם אֵיין וַוייבּ
גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעוִוינֶען צוּ
אִיהְם זִיהְן אָדֶער טֶעכְטֶער, דָאס וַוייבּ
אוּנְד אִיהְרֶע קִינְדֶער זָאלֶען זַיין צוּ אִיהְר
הַאר, אוּנְד עֶר זָאל אַלֵיין אַרוֹיסגֵיין׃
5 אָבֶּער וֶוען דֶער קְנֶעכְט וֶועט זָאגֶען,
אִיךְ הָאבּ לִיבּ מֵיין הַאר, מֵיין וַוייבּ
אוּנְד מֵיינֶע קִינְדֶער, אִיךְ וִויל נִיט
אַרוֹיסגֵיין פְרֵייא׃
6 אַזוֹי זָאל זַיין הַאר אִיהְם גֶענֶעהֶנֶען
צוּ גָאט, אוּנְד עֶר זָאל אִיהְם גֶענֶעהֶנֶען
צוּ דִיא טְהִיר אָדֶער צוּ דֶעם בֵּיישְׁטִי־
דֶעל (מְזוּזָה), אוּנְד זַיין הַאר זָאל דוּרְךְ
בָּארֶען זַיין אָהְר מִיט דֶער אָהְל, אוּנְד
עֶר זָאל אִיהְם אֵייבִּיג דִינֶען׃
7 אוּנְד וֶוען אֵיין מַאן וֶועט פֶערְקוֹי־
פֶען זַיינֶע טָאכְטֶער צוּ אֵיין דִינְסְט, זָאל
זִיא נִיט אַרוֹיסְגֵיין גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דִיא
קְנֶעכְט אַרוֹיסגֵיין׃
8 וֶוען זִיא אִיז אִיבֶּעל גֶעפַאלֶען אִין
דִיא אוֹיגֶען פוּן אִיהְר הַאר וָואס הָאט
זִיא נִיט עֶנְטְשְׁפּוֹיזְט צוּ זִיךְ, אַזוֹי זָאל
עֶר זִיא לָאזֶען דֶערְלֵייזֶען, צוּ אֵיין פְרֶעמְד
פָאלְק זָאל עֶר נִיט מַאכְט הָאבֶּען זִיא צוּ
פֶערְקוֹיפֶען, וָוייל עֶר הָאט גֶעפֶעלְשְׁט
אִין אִיהְר׃
9 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זִיא עֶנְטְשְׁפּוֹיזְט
צוּ זַיין זוֹהְן, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס
גערִיכְט

גֶערִיכְט פוּן דִיא טֶעכְטֶער זָאל עֶר
טְהוּן צוּ אִיהְר׃
10 װֶוען עֶר װֶועט אֵיינֶע אַנְדֶערֶע נֶעמֶען
צוּ זִיךְ, זָאל עֶר נִיט פֶערְמִינֶערְן אִיהְרֶע
שְׁפֵּייז, אִיהְרֶע קְלֵיידוּנְג, אוּנְד אִיהְרֶע
װַייבְּלִיכֶע גֶעבִּיהְרְלִיכְקֵייט
11 אוּנְד װֶוען עֶר װֶועט נִיט טְהוּן דִיא
דָאזִיגֶע דְרַייא זַאכֶען צוּ אִיהְר, אַזוֹי זָאל
זִיא אַרוֹיסגֵיין אוּמְזָאנְסְט אָהְן גֶעלְד׃
12 דֶער װָאס שְׁלָאגְט אֵיין מַאנְן אוּנְד
עֶר שְׁטֶערְבְּט, אַזוֹי זָאל עֶר גֶעװִיס
גֶעטֵייטֶעט װֶוערֶען׃
13 אָבֶּער דֶער װָאס הָאט נִיט גֶעלוֹיעֶרְט
אוּנְד גָאט הָאט גֶעפִּינְט צוּ זַיין הַאנְד,
אַזוֹי װֶועל אִיךְ בֶּעשְׁטִימֶען צוּ דִיר אֵיין
אָרְט, װָאס עֶר זָאל אַהִין עֶנְטלוֹיפֶען׃
14 אָבֶּער װֶוען אֵיין מַאן װֶועט לוֹיעֶרֶען
אוֹיף זַיין גֶעזֶועלֶען אִיהְם צוּ דֶערשְׁלָאגֶען
מִיט לִיסְטִיגְקֵייט, פוּן מַיין אָפְּפֶערשְׁטוּהְל
זָאלְסְטוּ אִיהְם אַװֶעקנֶעהְמֶען צוּ טֵייטֶען׃
15 אוּנְד דֶער װָאס שְׁלָאגְט זַיין פָאטֶער
אָדֶער זַיינֶע מוּטֶער, זָאל גֶעװִיס גֶעטֵייט
װֶוערֶען׃
16 אוּנְד דֶער װָאס שְׁטֶעהְלְט אֵיין מֶענְשׁ
אוּנְד פֶערְקוֹיפְט אִיהְם, אוּנְד עֶס װֶועט
זִיךְ גֶעפִינֶען אִין זַיין הַאנְד, עֶר זָאל גֶעװִיס
גֶעטֵייט װֶוערֶען׃
17 אוּנְד דֶער װָאס פְלוּכְט זַיין פָאטֶער
אָדֶער זַיינֶע מוּטֶער זָאל גֶעװִיס גֶעטֵייט
װֶוערֶען׃
18 אוּנְד װֶוען מֶענֶער װֶועלֶען זִיךְ קְרִיי־
גֶען, אוּנְד דֶער אֵיינֶער װֶועט שְׁלָאגֶען
דֶעם אַנְדֶערְן מִיט אֵיין שְׁטֵיין אָדֶער מִיט
דֶער פוֹיסְט, אוּנְד עֶר װֶועט נִיט שְׁטַארְבֶּען
אָבֶּער עֶר פַאלְט צוּ בֶּעט׃
19 װֶוען עֶר װֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד עֶר
װֶועט גֵיין דְרוֹיסֶען אוֹיף זַיין אָהְרְלֶעהְן,
אַזוֹי זָאל דֶער שְׁלֶעגֶער אוּנְשׁוּלְדִיג זַיין,
נֵייעֶרְט זַיין זוֹימֶען זָאל עֶר גֶעבֶּען, אוּנְד
עֶר זָאל אִיהְם לָאזֶען גוּט אוֹיסְהֵיילֶען׃
20 אוּנְד װֶוען אֵיין מַאן װֶועט שְׁלָאגֶען
זַיין קְנֶעכְט אָדֶער זַיין דִינְסְט מִיט אֵיין
רוּט, אוּנְד עֶר װֶועט שְׁטֶערְבֶּען אוּנְטֶער
זַיינֶע הַאנְד, דֶער זָאל גֶערַאכְנִיט װֶוערֶען׃
21 נֵייעֶרְט װֶוען עֶר װֶועט בְּלֵייבֶּען אֵיין
טָאג אָדֶער צְװֵייא טֶעג, זָאל עֶר נִיט
גֶערַאכְנִיט װֶוערֶען, װֵייל עֶר אִיז זַיין גֶעלְד׃
22 אוּנְד װֶוען מֶענֶער װֶועלֶען זִיךְ קְרִיגֶען
אוּנְד זַייא װֶועלֶען שְׁטוֹיסֶען אֵיין טְרָא־
גֶעדִיגֶעס װַייבּ, אוּנְד אִיהְרֶע קִינְדֶער
װֶועלֶען אַרוֹיס גֵיין, אוּנְד עֶס װֶועט נִיט
זַיין קֵיין שָׁאדֶען, זָאל עֶר גֶעשְׁטְרָאפְט
װֶוערֶען, גְלֵייךְ אַזוֹי װִיא דֶער מַאן פוּן
דֶעם װַייבּ װֶועט לֵייגֶען אוֹיף אִיהְם, אוּנְד
עֶר זָאל עֶס גֶעבֶּען דוּרְךְ דִיא רִיכְטֶער׃
23 אוּנְד װֶוען עֶס װֶועט אֵיין שָׁאדֶען זַיין,
אַזוֹי זָאלְסְטוּ גֶעבֶּען זֶעלֶע פַאר זֶעלֶע׃
24 אוֹיג פַאר אוֹיג, צָאהְן פַאר צָאהְן,
הַאנְד פַאר הַאנְד, פוּס פַאר פוּס׃
25 בְּרַאנְד פַאר בְּרַאנְד, װְאוּנְד פַאר
װְאוּנְד, בֵּייל פַאר בֵּייל׃
26 אוּנְד װֶוען אֵיין מַאן װֶועט שְׁלָאגֶען
דָאס אוֹיג פוּן זַיין קְנֶעכְט, אָדֶער דָאס
אוֹיג פוּן זַיין דִינְסְט, אוּנְד עֶר װֶועט עֶס
פֶערְדֶערְבֶּען, זָאל עֶר אִיהְם פְרֵייא אַװֶעק
שִׁיקֶען פַאר זַיין אוֹיג׃
27 אוּנְד װֶוען עֶר מַאכְט אוֹיספַאלֶען
דֶעם צָאהְן פוּן זַיין קְנֶעכְט, אָדֶער דֶעם
צָאהְן פוּן זַיין דִינְסְט, זָאל עֶר אִיהְם
פְרֵייא אַװֶעקשִׁיקֶען פַאר זַיין צָאהְן׃
28 אוּנְד װֶוען אֵיין אָקְס װֶועט שְׁטוֹיסֶען
אֵיין מַאן אָדֶער אֵיין װַייבּ אוּנְד עֶר
װֶועט שְׁטֶערְבֶּען, זָאל דֶער אָקְס פֶער־
שְׁטֵיינִיגְט װֶוערֶען, אוּנְד זַיין פְלֵיישׁ זָאל

נִיט גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען אוּנְד דֶער הַאר פוּן דֶעם אָקְס אִיז אוּנְשׁוּלְדִיג:

29 אָבֶּער וֶוען דֶער אָקְס הָאט גֶעשְׁטוּיסֶען פוּן נֶעכְטֶען אוּנְד אֵייעֶר נֶעכְטֶען אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעצֵייגְט גֶעוָוארֶען זַיין הַאר, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם נִיט גֶעהִיט, אוּנְד עֶר וֶועט טֵייטֶען אֵיין מַאן אָדֶער אֵיין וַוייבּ, זָאל דֶער אָקְס פֶער שְׁטֵיינִיגְט וֶוערֶען, אוּנְד אוֹיךְ זַיין הַאר זָאל גֶעטֵייטֶעט וֶוערֶען:

30 וֶוען אֵיינֶע אוֹיסלֵייזוּנְג וֶועט גֶעלֵייגְט וֶוערֶען אוֹיף אִיהְם, אַזוֹי זָאל עֶר גֶעבֶּען אֵיינֶע אוֹיסלֵייזוּנְג פַאר זַיינֶע זֶעלֶע, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אַלֶעם וָואס וֶועט גֶעלֵייגְט וֶוערֶען אוֹיף אִיהְם:

31 אוֹיבּ עֶר וֶועט שְׁטוֹיסֶען אֵיין זוּהְן אָדֶער עֶר וֶועט שְׁטוֹיסֶען אֵיינֶע טָאכְטֶער, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס דָאזִיגֶע גֶערִיכְט זָאל גֶעטְהוּן וֶוערֶען צוּ אִיהְם:

32 וֶוען דֶער אָקְס וֶועט שְׁטוֹיסֶען אֵיין קְנֶעכְט, אָדֶער אֵיינֶע דִינְסְט, זָאל עֶר גֶעבֶּען דְרֵייסִיג שְׁקָלִים גֶעלְד צוּ זַיין הַאר, אוּנְד דֶער אָקְס זָאל פֶער שְׁטֵיינִיגְט וֶוערֶען.

33 אוּנְד וֶוען אֵיין מַאן וֶועט עֶפֶענֶען אַ גְרוּבּ, אָדֶער אַ מַאן וֶועט גְרָאבֶּען אַ גְרוּבּ, אוּנְד עֶר וֶועט אִיהְם נִיט צוּדֶעקֶען, אוּנְד אֵיין אָקְס אָדֶער אֵיין אֵייזֶעל וֶועט דָארְטֶען אַרֵיין פַאלֶען:

34 דֶער הַאר פוּן דֶעם גְרוּבּ זָאל בֶּעצָא־הְלֶען, גֶעלְד זָאל עֶר גֶעבֶּען צוּ זַיין הַאר, אוּנְד דָאס טוֹיטֶע זָאל זַיין צוּ אִיהְם:

35 אוּנְד וֶוען אֵיין אָקְס פוּן אֵיין מַאן וֶועט שְׁטוֹיסֶען דֶעם אָקְס פוּן זַיין גֶע־זֶעלֶען, אוּנְד עֶר וֶועט שְׁטֶערְבֶּען, אַזוֹי זָאלֶען זֵייא פֶערְקוֹיפֶען דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען אָקְס, אוּנְד זֵייא זָאלֶען צוּטֵיילֶען זַיין גֶעלְד, אוּנְד אוֹיךְ דֶעם טוֹיטֶען זָאלֶען זֵייא צוּטֵיילֶען:

36 וֶוען עֶס אִיז בֶּעקַאנְט אַז דֶער אָקְס הָאט גֶעשְׁטוֹיסֶען פוּן נֶעכְטֶען אוּנְד אֵייעֶר נֶעכְטֶען, אוּנְד זַיין הַאר הָאט אִיהְם נִיט גֶעהִיט, זָאל עֶר גֶעוִויס בֶּעצָאהְלֶען אָקְס פַאר אָקְס, אוּנְד דֶער טוֹיטֶער זָאל זַיין צוּ אִיהְם:

37 וֶוען אֵיין מַאן וֶועט שְׁטֶעהְלֶען אֵיין אָקְס, אָדֶער אֵיין לַאם, אוּנְד עֶר וֶועט עֶס שֶׁעכְטֶען אָדֶער פֶערְקוֹיפֶען, זָאל עֶר פִינְף רִינְדֶער צָאהְלֶען פַאר דֶעם אָקְס, אוּנְד פִיעֶר שָׁאף פַאר דֶעם לַאם:

## קאפיטעל כב

א וֶוען דֶער גַנָב וֶועט גֶעפִינֶען וֶוערֶען אִים אֵיינְבְּרֶעכֶען, אוּנְד עֶר וֶועט גֶע־שְׁלָאגֶען וֶוערֶען אוּנְד עֶר וֶועט שְׁטֶערְבֶּען, זָאל נִיט זַיין קֵיינֶע בְּלוּט־שׁוּלְד זֵיינֶעט וֶועגֶען:

2 וֶוען דִיא זוּן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער אִיהְם, זָאל בְּלוּט־שׁוּלְד זַיין זֵיינֶעט וֶועגֶען, עֶר זָאל גֶעוִויס צָאהְלֶען, וֶוען עֶר הָאט נִיט, אַזוֹי זָאל עֶר פֶערְקוֹיפְט וֶוערֶען וֶועגֶען זַיין שְׁטֶעהְלֶען:

3 וֶוען דָאס גֶעשְׁטָאהְלֶענֶע וֶועט גֶע־פוּנֶען וֶוערֶען אִין זַיינֶע הַאנְד, פוּן אָקְס בִּיז צוּ אֵייזֶעל, בִּיז אֵיין לַאם, לֶעבֶּעדִיג, זָאל עֶר צָאהְלֶען דָאפֶּעלְט:

4 וֶוען אֵיין מַאן וֶועט מַאכֶען אָבְּוֵויידֶען אֵיין פֶעלְד אָדֶער אֵיין וַויינְגָארְטֶען, אוּנְד עֶר וֶועט שִׁיקֶען זַיין פִיךְ, אוּנְד עֶר וֶועט וַויידֶען לָאזֶען אִין דֶעם פֶעלְד פוּן אֵיינֶעם אַנְדֶערֶען, זָאל עֶר בֶּעצָאהְלֶען מִיט דֶעם בֶּעסְטֶען פוּן זַיין פֶעלְד, אוּנְד מִיט דֶעם בֶּעסְטֶען פוּן זַיין וַויינְגָארְטֶען:

5 וֶוען אֵיין פַייעֶר וֶועט אוֹיסבְּרֶעכֶען,

אוּנְד

אוּנְד וָוען עֶס וָועט גֶערֵייכֶען דֶערְנֶער,
אוּנְד עֶס וָועט פֶערבְּרֶענְט וָוערֶען דֶער
קָארְן הוֹיפֶען אָדֶער דָאס שְׁטֵייעֶנְדִיגֶע
קָארְן, אָדֶער דָאס פֶעלְד, דֶער וָואס הָאט
אָנְגֶעצִינְדֶען דֶעם בְּרַאנְד זָאל גֶעוִויס
בֶּעצָאהְלֶען:
6 וָוען אֵיין מַאן וָועט גֶעבֶּען צוּ זַיין
גֶעזֶעלֶען גֶעלְד אָדֶער גֶעפֶעס צוּ הִיטֶען,
אוּנְד עֶס וָועט גֶעשְׁטָאהְלֶען וָוערֶען פוּן
דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם מַאן, וָוען דֶער גַנָב
וָועט גֶעפוּנֶען וָוערֶען זָאל עֶר בֶּעצָאהְלֶען
דָאפֶּעלְט:
7 וָוען דֶער גַנָב וָועט נִיט גֶעפוּנֶען
וָוערֶען, אַזוֹי זָאל דֶער הַאר פוּן דֶעם הוֹיז
גֶעפִיהְרְט וָוערֶען צוּ דִיא רִיכְטֶער, אוֹיב
עֶר הָאט נִיט זַיינֶע הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט
אָן דֶעם גוּט פוּן זַיין גֶעזֶעלֶען:
8 אִיבֶּער אִיטְלִיכֶע זַאךְ פוּן אוּמְרֶעכְט,
אִיבֶּער אֵיין אָקְס, אִיבֶּער אֵיין אֵייזֶעל,
אִיבֶּער אֵיין לַאם, אִיבֶּער אֵיין קְלֵייד,
אִיבֶּער אַלֶעס פֶערלָארֶענֶע, דֶער וָואס
וָועט זָאגֶען אַז דָאס דָאזִיגֶע אִיז זַיין,
דִיא זַאךְ פוּן בֵּיידֶע זָאל קוּמֶען בִּיז צוּ
דִיא רִיכְטֶער, דֶער וָואס דִיא רִיכְטֶער
וָועלֶען אִיהְם בֶּעשׁוּלְדִיגֶען, דֶער זָאל
בֶּעצָאהְלֶען דָאפֶּעלְט צוּ זַיין גֶעזֶעלֶען:
9 וָוען אֵיין מַאן וָועט גֶעבֶּען צוּ זַיין
גֶעזֶעלֶען אֵיין אֵייזֶעל, אָדֶער אֵיין אָקְס,
אָדֶער אֵיין לַאם, אָדֶער אַלֶערְלֵייא בְּהֵמוֹת
צוּ הִיטֶען, אוּנְד עֶס וָועט שְׁטֶערְבֶּען,
אָדֶער עֶס וָועט גֶעבְּרָאכֶען, אָדֶער עֶס
וָועט גֶעפַאנְגֶען, אַוֶועק גֶעטְרִיבֶּען, אוּנְד
קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען:
10 אֵיין שְׁבוּעָה פוּן גָאט זָאל זַיין
צְווִישֶׁען זֵייא בֵּיידֶע, אוֹיב עֶר הָאט נִיט
אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זַיינֶע הַאנְד אָן דֶעם גוּט
פוּן זַיין גֶעזֶעלֶען, אוּנְד זַיין הַאר זָאל עֶס
אָנְנֶעמֶען אוּנְד יֶענֶער זָאל נִיט בֶּעצָאלֶען:
11 אוּנְד וָוען עֶס וָועט גֶעשְׁטָאהְלֶען
וָוערֶען פוּן אִיהְם, זָאל עֶר בֶּעצָאהְלֶען
צוּ זַיין הַאר:
12 וָוען עֶס וָועט פֶערְצוּקְט וָוערֶען,
זָאל עֶר עֶס בְּרֶענְגֶען צוּם צֵייגְנִים, עֶר
זָאל נִיט בֶּעצָאהְלֶען דָאס פֶערְצוּקְטֶע:
13 אוּנְד וָוען אֵיין מַאן וָועט זִיךְ עֶנְט־
לֶעהְנֶען פוּן זַיין גֶעזֶעלֶען, אוּנְד עֶס וָועט
גֶעבְּרָאכֶען וָוערֶען, אָדֶער עֶס וָועט
שְׁטֶערְבֶּען, אוּנְד זַיין הַאר אִיז נִיט מִיט
אִיהְם, זָאל עֶר גֶעוִויס בֶּעצָאהְלֶען:
14 וָוען זַיין הַאר אִיז מִיט אִיהְם, זָאל
עֶר נִיט בֶּעצָאלֶען, וָוען עֶס אִיז גֶעדוּנְגֶען,
אִיז עֶס גֶעקוּמֶען פַאר זַיין גֶעדוּנְג לָאהְן:
15 אוּנְד וָוען אֵיין מַאן אִיבֶּער רֶעדֶעט
אֵיינֶע יוּנְגְפְרוֹיא וָואס אִיז נִיט עֶנְטְשְׁפּוֹיזְט,
אוּנְד עֶר וָועט לִיגֶען בֵּייא אִיהְר, זָאל
עֶר זִיא גֶעוִויס צוּ זִיךְ קוֹיפֶען צוּ אֵיין וַוייבּ:
16 וָוען אִיהְר פָאטֶער וָועט זִיא נִיט
וָועלֶען גֶעבֶּען צוּ אִיהְם, זָאל עֶר גֶעלְד
אָבְּוֶועגֶען, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דִיא מִיטְגָאבּ
(נְדַן) פוּן דִיא יוּנְגְפְרוֹיעֶן:
17 אֵיינֶע צוֹיבֶּערִין (מְכַשֵּׁפָה) זָאלְסְטוּ
נִיט לָאזֶען לֶעבֶּען:
18 אִיטְלִיכֶער וָואס לִיגְט בֵּייא אֵיינֶע
בְּהֵמָה, זָאל גֶעוִויס גֶעטֵייט וָוערֶען:
19 דֶער וָואס אָפְּפֶערְט צוּ גֶעטֶער, זוּנְדֶער
צוּ גָאט אַלֵיין, זָאל מַחְרִם וָוערֶען:
20 אוּנְד אֵיין פְרֶעמְדְלִינְג זָאלְסְטוּ נִיט
פֵּיינִיגֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם נִיט
אוּנְטֶערְדְרִיקֶען, דֶען אִיהְר זַייט פְרֶעמְד־
לִינְגֶע גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:
21 אִיהְר זָאלְט נִיט פֵּיינִיגֶען קֵיינֶע
אַלְמָנָה אוּנְד קֵיין יָתוֹם:
22 וָוען דוּא וֶועסְט אִיהְם פֵּיינִיגֶען,
אוּנְד עֶר וָועט שְׁרֵייעֶן צוּ מִיר, וָועל



איך

אִיךְ גֶעווִיס הֶערֶען זַיין גֶעשְׁרַייא:
23 אוּנְד מַיין צָארְן וֶועט דֶערגְרִימֶען,
אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ דֶערשְׁלָאגֶען מִיט
דֶעם שְׁוֶוערְט, אוּנְד אֵייעֶרע ווייבֶּער זָאלֶען
זַיין אַלְמָנוֹת, אוּנְד אֵייעֶרע קִינְדֶער יְתוֹמִים:
24 וֶוען דוּא וֶועסְט גֶעלְד לַייעֶן צוּ מַיין
פָאלְק, צוּ דֶעם אָרֶעמֶען בַּייא דִיר, זָאלְ־
סְטוּ נִיט זַיין צוּ אִיהְם גְלַייךְ אַזוֹי וִויא
אַיין לַייעֶר, דוּא זָאלְסְט אִיהְם נִיט אוֹיפְ־
לֵייגֶען קֵיין וְואוּכֶער (נֶשֶׁךְ):
25 וֶוען דוּא וֶועסְט דָאס קְלֵייד פוּן
דַיין גֶעזֶעלֶען צוּ אַיין פַאנְד גֶעמֶען, בִּיז
דִיא זוּן אוּנְטֶער גֵייט זָאלְסְט דוּא עֶס
צוּ אִיהְם צוּרִיק גֶעבֶּען:
26 דֶען דָאס אִיז זַיינֶע אֵיינְצִיגֶע דֶעק,
דָאס אִיז זַיין קְלֵייד צוּ זַיין הוֹיט, מִיט
וָואס זָאל עֶר שְׁלָאפֶען, אוּנְד עֶס וֶועט
זַיין, וֶוען עֶר וֶועט צוּ מִיר שְׁרֵייעֶן, אַזוֹי
וֶועל אִיךְ הֶערֶען, דֶען אִיךְ בִּין גְנֶעדִיג:
27 דִיא רִיכְטֶער זָאלְסְטוּ נִיט שֶׁעלְטֶען,
אוּנְד דֶעם פִירְשְׁט אִין דַיין פָאלְק
זָאלְסְטוּ נִיט פְלוּכֶען:
28 דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְזוֹימֶען דַיינֶע
תְּבוּאָה אוּנְד דַיין גֶעקֶעלְטֶערְטֶעס,
דֶעם בְּכוֹר פוּן דַיינֶע זִיהְן זָאלְסְט דוּא
גֶעבֶּען צוּ מִיר:
29 אַזוֹי זָאלְסְטוּ טְהוּן צוּ דַיינֶע אָקְסֶען,
צוּ דַיינֶע שָׁאף, זִיבֶּען טֶעג זָאל עֶס זַיין
בַּייא זַיינֶע מוּטֶער, אַן דֶעם אַכְטֶען
טָאג זָאלְסְטוּ אִיהְם גֶעבֶּען צוּ מִיר:
30 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זַיין הֵיילִיגֶע
מֶענְשֶׁער צוּ מִיר, אוּנְד פְלֵיישׁ וָואס אִיז
פֶערצוּקְט אִין דֶעם פֶעלְד זָאלְט אִיהְר
נִיט עֶסֶען, אִיהְר זָאלְט עֶס וֶוערְפֶען
צוּ דֶעם הוּנְד:

## קאפיטעל כג

א דוּא זָאלְסְט נִיט אָנְנֶעמֶען אֵיינֶע
פַאלְשֶׁע הֶערוּנְג, דוּא זָאלְסְט נִיט טְהוּן
דַיינֶע הַאנְד מִיט דֶעם רָשָׁע, צוּ זַיין
אַיין צַיינְגִּים פוּן אוּמְרֶעכְט:
2 דוּא זָאלְסְט נִיט פָאלְגֶען נָאךְ פִילֶע
צוּ טְהוּן שְׁלֶעכְטֶס, דוּא זָאלְסְט נִיט
עֶנְטפֶערְן בַּייא אַיין קְרִיג צוּ פָאלְגֶען
נָאךְ פִילֶע נָאךְ, צוּ מַאכֶען אָפְנֵייגֶען:
3 אוּנְד דֶעם אָרֶעמֶען זָאלְסְטוּ נִיט
פֶערְשׁוֹינֶען אִין זַיין קְרִיג:
4 וֶוען דוּא וֶועסְט בֶּעגֶעגְנֶען דֶעם
אָקְס פוּן דַיין פֵיינְד אָדֶער זַיין אֵייזֶעל
וָואס אִיז פֶערְאִירְט, זָאלְסְטוּ אִיהְם
גֶעווִיס צוּרִיקְפִיהְרֶען צוּ אִיהְם:
5 וֶוען דוּא וֶועסְט זֶעהֶען דֶעם אֵייזֶעל
פוּן דַיין פֵיינְד הוֹיעֶרְן אוּנְטֶער זַיינֶע
לַאסְט, אוּנְד דוּא ווִילְסְט דִיךְ פֶערְמֵיי־
דֶען פוּן אִיהְם צוּ הֶעלְפֶען, זָאלְסְטוּ
אִיהְם דָאךְ הֶעלְפֶען:
6 דוּא זָאלְסְט נִיט נֵייגֶען דָאס גֶערִיכְט
פוּן דַיין אָרֶעמֶען אִין זַיין קְרִיג:
7 דוּא זָאלְסְט ווַייט זַיין פוּן אֵיינֶע
פַאלְשֶׁע זַאךְ, אוּנְד דֶעם אוּמְשׁוּלְדִיגֶען
אוּנְד דֶעם גֶערֶעכְטֶען זָאלְסְטוּ נִיט
דֶערשְׁלָאגֶען, דֶען אִיךְ וֶועל נִיט רֶעכְט
פַארְטֵיגֶען דֶעם רָשָׁע:
8 דוּא זָאלְסְט נִיט נֶעמֶען קֵיין גֶעשֶׁענְק,
ווַייל דָאס גֶעשֶׁענְק מַאכְט בְּלִינְד דִיא
זֶעהֶעדִיגֶע, אוּנְד פַארקְרִימְט דִיא רֵייד
פוּן דִיא גֶערֶעכְטֶע:
9 אוּנְד אַיין פְרֶעמְדְלִינְג זָאלְסְטוּ נִיט
אוּנְטֶער דְרִיקֶען, דֶען אִיהְר קֶענְט דִיא
זֶעלֶע פוּן אַיין פְרֶעמְדְלִינְג, ווַייל אִיהְר
זַייט פְרֶעמְדְלִינְגֶע גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם:
10 אוּנְד זֶעקְס יָאהר זָאלְסְטוּ זַייעֶן
דַיין לַאנְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אַיינְזַאמֶעלְן
זַיין תְּבוּאָה:

11 אָבֶער דָאס זִיבֶּעטֶע (יָאהְר) זָאלְסְט דוּא עֶס לָאזֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס לָאזֶען לִיגֶען, אַז דִיא אָרֶעמֶע פוּן דַיין פָאלְק זָאלֶען עֶסֶען, אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע זָאלֶען דִיא חַיות פוּן דֶעם פֶעלְד עֶסֶען, אַזוֹי זָאלְסְטוּ טְהוּן צוּ דַיין וַויינְגָארְטֶען, אוּנְד צוּ דַיין אֵייל־גָארְטֶען:

12 זֶעקְס טֶעג זָאלְסְטוּ טְהוּן דַיינֶע אַרְבֵּייט, אוּנְד אָן דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג זָאלְסְטוּ רוּהֶען, פוּן וֶועגֶען אַז דַיין אָקְס אוּנְד דַיין אֵייזֶעל זָאל רוּהֶען, אוּנְד אַז דֶער זוּהְן פוּן דַיין דִינְסְט, אוּנְד דֶער פְרֶעמְדלִינְג זָאל זִיךְ דֶערקְוִויקֶען:

13 אוּנְד אִין אַלֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט צוּ אֵייךְ זָאלְט אִיהְר אֵייךְ הִיטֶען, אוּנְד דֶעם נָאמֶען פוּן פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער זָאלְט אִיהְר נִיט גֶעדֶענְקֶען, עֶר זָאל נִיט גֶעהֶערְט וֶוערֶען אוֹיף דַיין מוֹיל:

14 דְרַייא מָאל אִין דֶעם יָאהְר זָאלְסְטוּ פַייעֶרְן צוּ מִיר:

15 דִיא פֵייעֶרְטֶעג פוּן מַצוֹת זָאלְסְטוּ הִיטֶען, זִיבֶּען טֶעג זָאלְסְטוּ מַצוֹת עֶסֶען גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען, צוּ דִיא גֶעוֶועצְטֶע צֵייט, דֶעם חֹדֶשׁ אָבִיב, וַוייל אִין אִיהְם בִּיסְטוּ אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד זַייא זָאלֶען זִיךְ נִיט לֶעעֶר וַוייזֶען פַאר מִיר:

16 אוּנְד דִיא פֵייעֶרְטֶעג פוּן שְׁנִיט, דִיא עֶרשְׁטֶע פְרוּכְט פוּן דַיינֶע אַרְבֵּייט וָואס דוּא וֶועסְט זֵייעֶן אִין דֶעם פֶעלְד, אוּנְד דִיא פֵייעֶרְטֶעג פוּן אֵיינְזַאמְלוּנְג, וֶוען דָאס יָאהְר עֶנְדִיגְט זִיךְ, וֶוען דוּא זַאמֶעלְסְט אֵיין דַיינֶע אַרְבֵּייט פוּן דֶעם פֶעלְד:

17 דְרַייא מָאל אִין דֶעם יָאהְר זָאלֶען זִיךְ אַלֶע דַיינֶע מַאנְסְפֶּערְזָאנֶען וַוייזֶען צוּ פַאר דֶעם הַאר גָאט:

18 דוּא זָאלְסְט נִיט אָפְּפֶערֶען מִיט חָמֵץ דָאס בְּלוּט פוּן מֵיין אָפְּפֶער, אוּנְד עֶס זָאל נִיט אִיבֶּערנֶעכְטִיגֶען דָאס פֶּעט פוּן מֵיין אָפְּפֶער בִּיז מָארְגֶען:

19 דֶעם אָנְפַאנְג פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט, פוּן דַיין לַאנְד זָאלְסְטוּ בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר דַיין גָאט, דוּא זָאלְסְט נִיט קָאכֶען דָאס בֶּעקֶעל אִין דֶער מִילְךְ פוּן זַיינֶע מוּטֶער:

20 זֶעה אִיךְ שִׁיק אֵיין מַלְאָךְ צוּ פַאר דִיר, דִיךְ צוּ הִיטֶען אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד דִיךְ צוּ בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם אָרְט וָואס אִיךְ הָאבּ אָנְבֶּערֵייט:

21 הִיט דִיךְ פוּן פַאר אִיהְם, אוּנְד גֶעהָארְךְ זַיינֶע שְׁטִים, דוּא זָאלְסְט נִיט ווידֶערשְׁפֶּענִיגֶען קֶעגֶען אִיהְם, דֶען עֶר וֶועט נִיט פַארטְרָאגֶען אֵייעֶרֶע זִינְד, וַוייל מֵיין נָאמֶען אִיז אִין אִיהְם:

22 אָבֶּער וֶוען דוּא וֶועסְט פְלֵייסִיג הֶערֶען אִין זַיין שְׁטִים, אוּנְד דוּא וֶועסְט טְהוּן אַלֶעס וָואס אִיךְ וֶועל רֶעדֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ פֵיינְד הָאבֶּען דַיינֶע פֵיינְד, אוּנְד אִיךְ וֶועל דְרֶענְגֶען דַיינֶע דְרֶענְגֶערְס:

23 דֶען מֵיין מַלְאָךְ וֶועט גֵיין צוּ פַאר דִיר, אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם אֱמוֹרִי, אוּנְד דֶעם חִתִּי, אוּנְד דֶעם פְּרִזִּי, אוּנְד דֶעם כְּנַעֲנִי, דֶעם חִוִּי, אוּנְד דֶעם יְבוּסִי, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא פַארְדֶערְבֶּען:

24 דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט בּוּקֶען צוּ זֵיירֶע גֶעטֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַייא נִיט דִינֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט טְהוּן גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא זֵייעֶר וֶוערְק, נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט זַייא גַאנְץ אוֹיסְרֵייסֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט גַאנְץ צוּבְּרֶעכֶען זֵיירֶע שְׁטַאנְד־זֵיילֶען (מַצֵּבוֹת):

25 אוּנְד אִיהְר זָאלְט דִינֶען דֶעם הַאר



אֵייעֶר

אייעֶר גָאט, אוּנְד עֶר וֶועט בֶּענְשֶׁען דֵיין
בְּרוֹיט אוּנְד דֵיין וַואסֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל
אָבְּטְהוּן קְרַאנְקְהֵייט פוּן צְווִישֶׁען דִיר:
26 עֶס זָאל נִיט זַיין קֵיינֶע פַארוֶועהְרְ־
פֶּערִין אוּנְד קֵיינֶע אוּמְטְרֶעכְטֶערִין אִין
דֵיין לַאנְד, דִיא צָאהְל פוּן דֵיינֶע טֶעג
וֶועל אִיךְ דֶערְפִילֶען:
27 מֵיין שְׁרֶעקֶען וֶועל אִיךְ שִׁיקֶען צוּ
פַאר דִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְטוּמֶעלְן
אִיטְלִיכֶעס פָאלְק וָואס דוּא וֶועסְט
קוּמֶען אוּנְטֶער זֵייא, אוּנְד אִיךְ וֶועל
מַאכֶען אַז אַלֶע דֵיינֶע פֵיינְד זָאלֶען
קֶעהְרֶען דֶעם נַאקֶען צוּ דִיר:
28 אוּנְד אִיךְ וֶועל שִׁיקֶען דִיא וֶועסְפֶּע
צוּ פַאר דִיר, אוּנְד זִיא וֶועט פֶערְטְרֵיי־
בֶּען דֶעם חִוִּי דֶעם כְּנַעֲנִי אוּנְד דֶעם
חִתִּי פוּן צוּ פַאר דִיר:
29 אִיךְ וֶועל זֵייא נִיט פֶערְטְרֵייבֶּען
פוּן צוּ פַאר דִיר אִין אֵיין יָאהְר, אַז
דָאס לַאנְד זָאל נִיט וִויסְט זַיין, אוּנְד
אַז דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד זָאלֶען
זִיךְ נִיט מֶעהְרֶען קֶעגֶען דִיר:
30 אֵיינְצִיגְווייז וֶועל אִיךְ זֵייא פַאר
טְרֵייבֶּען פוּן פַאר דִיר, בִּיז אַז דוּא
וֶועסְט פְרוּכְטְבַּאר וֶוערֶען, אוּנְד דוּא
וֶועסְט עֶרְבֶּען דָאס לַאנְד:
31 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֶעצֶען דֵיינֶע גְרֶענֶעצְן
פוּן יַם סוּף אוּנְד בִּיז צוּם יַם פְּלִשְׁתִּים,
אוּנְד פוּן דִיא וִויסְטֶענֵייא בִּיז צוּ דֶעם
טֵייךְ, דֶען אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען אִין אֵייעֶרֶע
הַאנְד דִיא אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא פַארְטְרֵייבֶּען
פוּן פַאר דִיר:
32 דוּא זָאלְסְט נִיט מַאכֶען מִיט זֵייא
אוּנְד מִיט זֵייעֶרֶע גֶעטֶער קֵיין בּוּנְד:
33 זֵייא זָאלֶען נִיט וְואוֹינֶען אִין דֵיין
לַאנְד, פִילֵייכְט וֶועלֶען זֵייא דִיךְ מַאכֶען
זִינְדִיגֶען קֶעגֶען מִיר, וֶוען דוּא וֶועסְט
דִינֶען זֵייעֶרֶע גֶעטֶער, דֶען עֶס וֶועט זַיין
צוּ דִיר צוּ אֵיינֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְג:

קאַפִּיטעל כד

א אוּנְד צוּ מֹשֶׁה הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
גֵייא אַרוֹיף צוּ גָאט, דוּא אוּנְד אַהֲרֹן,
אוּנְד נָדָב אוּנְד אֲבִיהוּא, אוּנְד זִיבֶּעצִיג
פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיהְר
זָאלְט אֵייךְ בּוּקֶען פוּן וַוייטֶען:
2 אוּנְד מֹשֶׁה זָאל זִיךְ אַלֵיין גֶענֶעהֶנֶען
צוּ גָאט, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זִיךְ נִיט
גֶענֶעהֶנֶען, אוּנְד דָאס פָאלְק זָאל נִיט
אַרוֹיף גֵיין מִיט אִיהְם:
3 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר
הָאט פַארְצֵיילְט צוּ דֶעם פָאלְק אַלֶע
וֶוערְטֶער פוּן גָאט, אוּנְד אַלֶע גֶערֶעכְטֶע,
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאבֶּען גֶע־
עֶנְטְפֶערְט מִיט אֵיין שְׁטִים, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַלֶע וֶוערְטֶער וָואס
גָאט הָאט גֶערֶעט וֶועלֶען מִיר טְהוּן:
4 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אַלֶע
וֶוערְטֶער פוּן גָאט, אוּנְד עֶר אִיז פְרִיה
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם מָארְגֶען, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעבּוֹיעֶט אֵיין אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל
אוּנְטֶער דֶעם בֶּערְג, אוּנְד צְוֶועלְף
שְׁטַאנְד־זֵיילֶען צוּ דִיא צְוֶועלְף שְׁבָטִים
פוּן יִשְׂרָאֵל:
5 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט דִיא יוּנְגֶען
פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט בְּרַאנְד־אָפְּפֶער,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעאָפְּפֶערְט פְרִיד
אָפְּפֶער צוּ גָאט, שְׁטִירֶען:
6 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען דִיא
הֶעלְפְט פוּן דֶעם בְּלוּט, אוּנְד עֶר הָאט
עֶס גֶעטְהוּן אִין בֶּעקֶען, אוּנְד דִיא
הֶעלְפְט פוּן דֶעם בְּלוּט הָאט עֶר
גֶעשְׁפְּרֶענְגְט אוֹיף דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל:

7 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דָאס בּוּךְ
פוּן דֶעם בּוּנְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֵיינְט
אִין דִיא אוֹיעֶרְן פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַלֶעס וָואס גָאט
הָאט גֶערֶעט וֶועלֶען מִיר טְהוּן אוּנְד
מִיר וֶועלֶען גֶעהָארְכֶען.
8 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען דָאס
בְּלוּט, אוּנְד הָאט עֶס גֶעשְׁפְּרֶענְגְט אוֹיף
דֶעם פָאלְק, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט
דָאס אִיז דָאס בְּלוּט פוּן דֶעם בּוּנְד,
וָואס גָאט הָאט גֶעמַאכְט מִיט אֵייךְ
אִיבֶּער אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער:
9 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד אַהֲרֹן, נָדָב אוּנְד אֲבִיהוּא, אוּנְד
זִיבֶּעצִיג פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל:
10 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אוּנְטֶער זַיינֶע
פִּיס אִיז גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דִיא
אַרְבֵּייט פוּן אֵיין סַפִּיר שְׁטֵיין, אוּנְד
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דִיא הִימֶעל זֶעלְבֶּערְט
אִין זֵיינֶע קְלָארְהֵייט:
11 אוּנְד עֶר הָאט זֵיינֶע הַאנְד נִיט
אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט אוֹיף דִיא פָארְנֶעמְסְטֶע
פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען גָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען:
12 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
גֵייא אַרוֹיף צוּ מִיר אוֹיף דֶעם בֶּערְג
אוּנְד זַייא דָארְטֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
גֶעבֶּען צוּ דִיר דִיא טָאפֶעלְן פוּן שְׁטֵיין,
אוּנְד דִיא תּוֹרָה, אוּנְד דָאס גֶעבָּאט,
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיבֶּען זַייא צוּ לֶערְנֶען:
13 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ זֵיין דִינֶער, אוּנְד מֹשֶׁה
אִיז אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם בֶּערְג
פוּן גָאט:
14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
עֶלְצְטֶע, בְּלֵייבְּט הִיר, בִּיז אַז מִיר
וֶועלֶען צוּרִיק קֶעהְרֶען צוּ אֵייךְ, אוּנְד
זֶעהְט אַהֲרֹן אוּנְד חוּר זֶענֶען מִיט אֵייךְ,
וֶוער אֵיינִיגֶע זַאכֶען הָאט דֶער זָאל
גֶענֶעהְגֶען צוּ זַייא:
15 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען
אוֹיף דֶעם בֶּערְג, אוּנְד דֶער וָואלְקֶען
הָאט בֶּעדֶעקְט דֶעם בֶּערְג:
16 אוּנְד דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט
הָאט גֶערוּהְט אוֹיף דֶעם בֶּערְג סִינַי,
אוּנְד דֶער וָואלְקֶען הָאט אִיהְם בֶּעדֶעקְט
זֶעקְס טֶעג, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען
צוּ מֹשֶׁה אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג פוּן
צְווִישֶׁען דֶעם וָואלְקֶען:
17 אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דִיא
הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אֵיין פַארְצֶעהְרֶענְד
פֵייעֶר אָן דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בֶּערְג,
צוּ פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל:
18 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז גֶעקוּמֶען אִין
צְווִישֶׁען דֶעם וָואלְקֶען, אוּנְד עֶר אִיז
אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם בֶּערְג,
אוּנְד מֹשֶׁה אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם
בֶּערְג פִירְצִיג טֶעג אוּנְד פִירְצִיג נֶעכְט:

## תרומה

## קאפִּיטעל כה

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אַז
זַייא זָאלֶען צוּ מִיר נֶעמֶען אֵיינֶע אָבּ־
שֵׁיידוּנְג, פוּן אִיטְלִיכֶעם מַאן וָואס זֵיין
הֶערְץ וֶועט אִיהְם בֶּעווִילִיגְט מַאכֶען,
זָאלְט אִיהְר גֶעמֶען אֵיין אָבְּשֵׁיידוּנְג:
3 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע אִיז דִיא אָבְּשֵׁיידוּנְג
וָואס אִיהְר זָאלְט גֶעמֶען פוּן זַייא,
גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער אוּנְד קוּפְּפֶער:

4 אוּנְד בְּלוֹיא אוּנְד פּוּרְפּוּר אוּנְד קאַרְמִיזִין אוּנְד לֵיינֶען, אוּנְד צִיגֶען הָאר :

5 אוּנְד רויט גֶעפַארְבְּטֶע פֶּעלֶען פוּן ווִידֶער, אוּנְד פֶּעלֶען פוּן תְּחָשִׁים אוּנְד שִׁטִּים הָאלְץ :

6 אֵייל צוּ דִיא לֵייכְטוּנְג, גֶעוֶוערְץ צוּ דֶעם אֵייל פוּן דִיא זַאלְבּוּנְג, אוּנְד צוּ דֶעם רויך ווֶערְק פוּן וָואהְלְשְׁמֶעקֶענְדֶע גֶעוֶוערְץ :

7 אוֹנִיקִיל שְׁטֵיינֶער, אוּנְד דֶערפִילוּנְג שְׁטֵיינֶער, צוּ דֶעם אֵפוֹד אוּנְד צוּ דֶעם בְּרוּסְט שְׁפַאן :

8 אוּנְד זֵייא זָאלֶען מִיר אֵיין הֵיילִיגְטוּם מַאכֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל ווְאוינֶען צְווִישֶׁען זֵייא :

9 גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא אַלֶעס וָואס אִיךְ וֶועל דִיר ווֵייזֶען, דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן, אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַלֶע זֵיינֶע גֶעפֶּעס, אוּנְד אַזוֹי זָאלְט אִיהְר עֶס מַאכֶען :

10 אוּנְד זֵייא זָאלֶען מַאכֶען אֵיין קַאסְטֶען פוּן שִׁטִּים הָאלְץ, דְרִיטְהַאלְבּ אֵיילֶען זָאל זַיין זֵיינֶע לֶענְג, אוּנְד אַנְדֶערְהַאלְבּ אֵיילֶען זֵיינֶע בְּרֵייט, אוּנְד אַנְדֶערהַאלְבּ אֵיילֶען זֵיינֶע הֵייךְ :

11 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם אִיבֶּער צִיהֶען מִיט רֵיין גָאלְד, פוּן אִינֶען ווֵיינִיג אוּנְד פוּן אויסֶען ווֵיינִיג זָאלְסְטוּ אִיהְם אִיבֶּערְצִיהֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אויף אִיהְם אֵיינֶען גָאלְדֶענֶען קְרַאנְץ רִינְגְס אַרוּם :

12 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גִיסֶען צוּ אִיהְם פִיר גָאלְדֶענֶע רִינְגֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא זֶעצֶען אויף זֵיינֶע פִיר ווִינְקֶלֶען, אוּנְד צְווייא רִינְגֶען אויף זֵיינֶע אֵיינֶע זֵייט, אוּנְד צְווייא רִינְגֶען אויף דֶער אַנְדֶערֶען זֵייט :

13 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען טְרָאג־שְׁטַאנְגֶען פוּן שִׁטִּים הָאלְץ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אִיבֶּערצִיהֶען מִיט גָאלְד :

14 אוּנְד דוּא זָאלְסְט בְּרֶענְגֶען דִיא טְרָאג־שְׁטַאנְגֶען אִין דִיא רִינְגֶען אַרֵיין, אויף דִיא זֵייטֶען פוּן דֶעם קַאסְטֶען צוּ טְרָאגֶען דֶעם קַאסְטֶען מִיט זֵייא :

15 אִין דִיא רִינְגֶען פוּן דֶעם קַאסְטֶען זָאלֶען זֵיין דִיא טְרָאג שְׁטַאנְגֶען, זֵייא זָאלֶען נִיט ווֶערֶען אָבְּגֶעטְהוּן פוּן אִיהְם :

16 אוּנְד דוּא זָאלְסְט לֵייגֶען אִין דֶעם קַאסְטֶען דָאס צֵייגְנִיס, וָואס אִיךְ וֶועל צוּ דִיר גֶעבֶּען :

17 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אֵיין אִיבֶּער־דֶעקֶעל (כפרת) פוּן רֵיין גָאלְד, דְרִיטְהַאלְבּ אֵיילֶען זֵיינֶע לֶענְג אוּנְד אַנְדֶערְהַאלְבּ אֵיילֶען זֵיינֶע בְּרֵייט :

18 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען צְווייא כְּרוּבִים פוּן גָאלְד, גֶעהֶעמֶערְט ווֶערְק זָאלְסְטוּ זֵייא מַאכֶען, פוּן דִיא צְווייא עֶנְדֶען פוּן דֶעם אִיבֶּער־דֶעקֶעל (כפרת) :

19 אוּנְד מַאךְ אֵיין כְּרוּב פוּן דִיזֶעם עֶנְד אוּנְד אֵיין כְּרוּב פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען עֶנְד פוּן דֶעם אִיבֶּער־דֶעקֶעל (כפרת), זָאלְט אִיהְר מַאכֶען דִיא כְּרוּבִים אויף זֵיינֶע צְווייא עֶנְדֶען :

20 אוּנְד דִיא כְּרוּבִים זָאלֶען אוֹיס שְׁפְּרֵייטֶען דִיא פְלִיגֶעל אִין דִיא הֵייךְ, זֵייא זָאלֶען בֶּעדֶעקֶען מִיט זֵיירֶע פְלִיגֶעל דָאס אִיבֶּערדֶעקֶעל (כפרת), אוּנְד זֵיירֶע אַנְגֶעזִיכְטֶער זָאלֶען זֵיין אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן, צוּ דֶעם אִיבֶּערדֶעקֶעל (כַּפֹּרֶת) זָאלֶען זֵיין דִיא אַנְגֶעזִיכְטֶער פוּן דִיא כְּרוּבִים :

21 אוּנְד דוּא זָאלְסְט לֵייגֶען דָאס אִיבֶּער־דֶעקֶעל (כפרת) אויף דֶעם קַאסְטֶען פוּן אוֹיבֶּען, אוּנְד אִין דֶעם קַאסְטֶען זָאלְסְטוּ אַרֵיין לֵייגֶען דָאס

צֵייגְנִים וָואס אִיךְ וֶועל צוּ דִיר גֶעבֶּען :

22 אוּנְד אִיךְ וֶועל דָארְט מִיט דִיר צוּזַאמֶען־קוּמֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל רֶעדֶען מִיט דִיר פוּן אִיבֶּער דֶעם אִיבֶּערדֶעקֶעל (כַּפֹּרֶת), פוּן צְווִישֶׁען דִיא צְוֵוייא כְּרוּבִים וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶעם קַאסְטֶען פוּן דֶעם צֵייגְנִים, אַלֶעס וָואס אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבִּיטֶען צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל :

23 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אֵיין טִישׁ פוּן שִׁטִּים הָאלְץ, צְוֵוייא אֵיילֶען זַיינֶע לֶענְג, אוּנְד אֵיין אֵייל זַיינֶע בְּרֵייט, אוּנְד אַנְדֶערְהַאלְבּ אֵיילֶען זַיינֶע הֵייךְ :

24 אוּנְד הוּא זָאלְסְט אִיהְם אִיבֶּער צִיהֶען מִיט רֵיין גָאלְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען צוּ אִיהְם אֵיינֶען גָאלְדֶענֶען קְרַאנְץ רִינְגְס אַרוּם :

25 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אֵיינֶען רַאנְד צוּ אִיהְם, אֵיין הַאנְד בְּרֵייט, רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אֵיינֶען גָאלְדֶענֶען קְרַאנְץ צוּ זֵיין רַאנְד רִינְגְס אַרוּם :

26 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען צוּ אִיהְם פִיר רִינְגֶען פוּן גָאלְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֶעצֶען דִיא רִינְגֶען אוֹיף דִיא פִיער עֶקֶען וָואס זֶענֶען צוּ זַיינֶע פִיער פִיס :

27 קֶענֶען אִיבֶּער דֶעם רַאנְד זָאלֶען זֵיין דִיא רִינְגֶען צוּ הֵייזֶער צוּ דִיא טְרָאג־שְׁטַאנְגֶען, צוּ טְרָאגֶען דֶעם טִישׁ :

28 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען דִיא טְרָאג שְׁטַאנְגֶען פוּן שִׁטִּים הָאלְץ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אִיבֶּערצִיהֶען מִיט גָאלְד, אַז דֶער טִישׁ זָאל גֶעטְרָאגֶען וֶוערֶען מִיט זֵייא :

29 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען זַיינֶע שִׁיסֶעלְן, אוּנְד זַיינֶע לֶעפֶעל, אוּנְד זַיינֶע הַאלְבּ רֶעהְרֶען, אוּנְד זַיינֶע אָפְּפֶער־שָׁאלֶען וָואס עֶס וֶועט גֶעגָאסֶען מִיט זֵייא, רֵיין גָאלְד זָאלְסְטוּ זֵייא מַאכֶען :

30 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֶעצֶען, אוֹיף דֶעם טִישׁ דָאס לֶחֶם פָּנִים צוּ פַאר מֵיין אָנְגֶעזִיכְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג :

31 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אֵיין לֵייכְטֶער פוּן רֵיין גָאלְד, פוּן גֶעהֶעמֶערְט וֶוערְק זָאל דֶער לֵייכְטֶער גֶעמַאכְט וֶוערֶען, זֵיין דִיכְט אוּנְד זַיינֶע רָאהְרֶע, זַיינֶע בֶּעכֶערְס, זַיינֶע קְנֶעפְּף אוּנְד זַיינֶע בְּלוּמֶען, פוּן אִיהְם זֶעלְבְּסְט זָאלֶען זֵייא זֵיין :

32 אוּנְד זֶעקְס רָאהְרֶען זָאלֶען אַרוֹיס גֵיין פוּן זַיינֶע זֵייטֶען, דְרֵייא רָאהְרֶען פוּן דֶעם לֵייכְטֶער פוּן זַיינֶע אֵיינֶע זֵייט, אוּנְד דְרֵייא רָאהְרֶען פוּן דֶעם לֵייכְטֶער פוּן זַיינֶע נְדֶערֶע זֵייט :

33 דְרֵייא בֶּעכֶערְס, מַאנְדֶעל־פֶּערְמִיגֶע זָאלֶען זֵיין אָן דִיא אֵיינֶע רָאהְר, אֵיין קְנָאפְּף אוּנְד אֵיין בְּלוּם, אוּנְד דְרֵייא בֶּעכֶערְס, מַאנְדֶעל־פֶּערְמִיגֶע, זָאלֶען זֵיין אָן דִיא אֵיינֶע רָאהְר, אֵיין קְנָאפְּף אוּנְד אֵיין בְּלוּם, אַזוֹי צוּ דִיא זֶעקְס רָאהְרֶען וָואס גֵיין אַרוֹיס פוּן דֶעם לֵייכְטֶער :

34 אוּנְד אָן דֶעם לֵייכְטֶער זָאלֶען זֵיין פִיר בֶּעכֶערְס, מַאנְדֶעל־פֶּערְמִיגֶע, זַיינֶע קְנֶעפְּף אוּנְד זַיינֶע בְּלוּמֶען :

35 אוּנְד אֵיין קְנָאפְּף אוּנְטֶער צְוֵוייא רָאהְרֶען פוּן אִיהְם, אוּנְד אֵיין קְנָאפְּף אוּנְטֶער צְוֵוייא רָאהְרֶען פוּן אִיהְם, אוּנְד אֵיין קְנָאפְּף אוּנְטֶער צְוֵוייא רָאהְרֶען פוּן אִיהְם, צוּ דִיא זֶעקְס רָאהְרֶען וָואס גֵיין אַרוֹיס פוּן דֶעם לֵייכְטֶער :

36 זֵייעֶרֶע קְנֶעפְּף אוּנְד זֵייעֶרֶע רָאהְרֶען זָאלֶען זֵיין פוּן אִיהְם, זֵיין גַאנְצֶעס זָאל זֵיין אֵיינֶע גֶעהֶעמֶערְטֶע אַרְבֵּייט, פוּן רֵיין גָאלְד :

37 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען זַיינֶע

זִיבֶּען לַאמְפֶּען, אוּנְד מֶען זָאל זֵיינֶע
לַאמְפֶּען אָנְצִינְדֶען, אוּנְד מֶען זָאל זֵייא
מַאכֶען לֵייכְטֶען קֶעגֶען דִיא פָאדֶערזֵייט׃
38 אוּנְד זֵיינֶע צְוֶועְנְגְלִיךְ אוּנְד זֵיינֶע
פֵּייֶער פְּפַאנֶען זָאלֶען זֵיין רֵיין גָאלְד׃
39 אוּיס אֵיין צֶענְטְנֶער רֵיין גָאלְד
זָאל מֶען עֶס מַאכֶען, מִיט אַלֶע
דִיא דָאזִיגֶע גֶעפֶעס׃
40 אַזוֹי זֶעה, אוּנְד מַאךְ זֵייא אִין זֵייעֶרע
גֶעשְׁטַאלְט וָואס אִיז דִיר גֶעוִויזֶען
גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶעם בֶּערְג׃

קאפיטעל כו

א אוּנְד דָאס מִשְׁכָּן זָאלְסְטוּ מַאכֶען
פוּן צֶעהְן פָארְהֶענְגֶע פוּן גֶעצְווִירְנְטֶע
לֵיינֶען, אוּנְד בְּלוֹיא, אוּנְד פּוּרְפּוּר, אוּנְד
קַארמִיזִין, כְּרוּבִים פוּן קִינְסְטלִיךְ וֶוערְק
זָאלְסְטוּ זֵייא מַאכֶען׃
2 דִיא לֶענְג פוּן אֵיין פָארְהַאנְג זָאל
זֵיין אַכְט אוּנְד צְוַואנְצִיג אֵיילֶען, אוּנְד
דִיא בְּרֵייט פוּן אֵיין פָארְהַאנְג פִיר
אֵיילֶען, אֵיין מָאס צוּ אַלֶע פָארְהֶענְג׃
3 עֶס זָאל פִינְף פָארְהֶענְג גֶעהֶעפְטֶעט
זֵיין, אֵיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶערֶע, אוּנְד
פִינְף פָארְהֶענְג זָאלֶען זֵיין גֶעהֶעפְטֶעט
אֵיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶערֶע׃
4 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען שְׁלֵייפְלִיךְ
פוּן בְּלוֹיא, אוֹיף דֶעם זוֹים פוּן דִיא
אֵיינֶע פָארְהַאנְג, פוּן אוֹיסֶענְוֵוייגִיג אִין
דִיא בֶּעהֶעפְטוּנְג, אוּנְד אַזוֹי זָאלְסְטוּ
מַאכֶען אָן דֶעם זוֹים פוּן דִיא אוֹיסֶענְ־
וֵוייגִיגֶע פָארְהַאנְג אָן דִיא אַנְדֶערֶע
בֶּעהֶעפְטוּנְג׃
5 פִינְפְצִיג שְׁלֵייפְלִיךְ זָאלְסְטוּ מַאכֶען
אָן דִיא אֵיינֶע פָארְהַאנְג, אוּנְד פִינְפְצִיג
שְׁלֵייפְלִיךְ זָאלְסְטוּ מַאכֶען אָן דֶעם זוֹים
פוּן דֶעם פָארְהַאנְג וָואס אִיז אָן דִיא
אַנְדֶערֶע בֶּעהֶעפְטוּנְג, דִיא שְׁלֵייפְלִיךְ
זָאלֶען גֶעפִּינְט זֵיין אֵיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶערֶע׃
6 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען פִינְפְצִיג
גָאלְדֶענֶע הֶעקֶעלִיךְ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
בֶּעהֶעפְטֶען דִיא פָארְהֶענְג אֵיינֶע צוּ דִיא
אַנְדֶערֶע, מִיט דִיא הֶעקֶעלִיךְ, אוּנְד
דָאס מִשְׁכָּן וֶועט זֵיין אֵיינְס׃
7 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען פָארְהֶענְג
פוּן צִיגֶען הָאר צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט, אוֹיף
דֶעם מִשְׁכָּן, עֶלְף פָארְהֶענְג זָאלְסְטוּ
זֵייא מַאכֶען׃
8 דִיא לֶענְג פוּן אֵיין פָארְהַאנְג זָאל
זֵיין דְרֵייסִיג אֵיילֶען, אוּנְד דִיא בְּרֵייט
פוּן אֵיין פָארְהַאנְג פִיר אֵיילֶען, אֵיין
מָאס צוּ דִיא עֶלְף פָארְהֶענְג׃
9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט בֶּעהֶעפְטֶען דִיא
פִינְף פָארְהֶענְג בֶּעזוּנְדֶער, אוּנְד דִיא
זֶעקְס פָארְהֶענְג בֶּעזוּנְדֶער, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט דָאפְּלֶען דִיא זֶעקְסְטֶע פָארְהַאנְג
קֶעגֶען דֶעם פָארְדֶערְשְׁטֶען פוּן דֶעם
גֶעצֶעלְט׃
10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען פִינְפְצִיג
שְׁלֵייפְלִיךְ אוֹיף דֶעם זוֹים פוּן דִיא אֵיינֶע
אוֹיסֶענְוֵוייניגֶע פָארְהַאנְג אָן דִיא בֶּע־
הֶעפְטוּנְג, אוּנְד פִינְפְצִיג שְׁלֵייפְלִיךְ אוֹיף
דֶעם זוֹים פוּן דֶעם פָארְהַאנְג פוּן דִיא
אַנְדֶערֶע בֶּעהֶעפְטוּנְג׃
11 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען פִינְפְצִיג
הֶעקֶעלִיךְ פוּן קוּפֶּער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
אַרֵיין בְּרֶענְגֶען דִיא הֶעקֶעלִיךְ אִין דִיא
שְׁלֵייפְלִיךְ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט בֶּעהֶעפְטֶען
דָאס גֶעצֶעלְט. אוּנְד עֶס זָאל זֵיין אֵיינְס׃
12 אוּנְד דֶער אִיבֶּערְשְׁלָאג וָואס אִיז
אִיבְּרִיג אִין דִיא פָארְהַאנְג פוּן דֶעם
גֶעצֶעלט, דִיא הֶעלְפְט פוּן דֶעם פָאר־
הַאנְג וָואס אִיז אִיבְּרִיג זָאלְסְטוּ אִיבֶּער
שְׁלָאגֶען אוֹיף דֶעם הִינְטֶערְשְׁטֶען טֵייל
פוּן דֶעם מִשְׁכָּן׃

13 אוּנְד אֵיין אֵייל פוּן דִיא זַייט, אוּנְד אֵיין אֵייל פוּן דִיא אַנְדֶערֶע זַייט, אִין דֶעם וָואס אִיז אִיבְּרִיג, אִין דִיא לֶענְג פוּן דִיא פָּארְהֶענְג פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט, זָאל זַיין אִיבֶּערשְׁלָאגֶען אוֹיף דִיא זַייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן, פוּן דִיא זַייט אוּנְד פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט עֶס צוּ בֶּעדֶעקֶען׃
14 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אֵיינֶע דֶעק צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט רויטגֶעפַארְבְּטֶע פֶּעלֶען פוּן וִוידֶער, אוּנְד אֵיין דֶעק פוּן תְּחָשִׁים פֶּעלֶען פוּן אוֹיבֶען׃
15 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען דִיא בְּרֶעטֶער צוּ דֶעם מִשְׁכָּן, פוּן שִׁטִּים הָאלְץ, שְׁטֵייעֶנְדִיג׃
16 צֶעהְן אֵיילֶען דִיא לֶענְג פוּן אֵיין בְּרֶעט, אוּנְד אַנְדֶערְטְהַאלְב אֵיילֶען דִיא בְּרֵייט פוּן אֵיין בְּרֶעט׃
17 צְווייא שְׁפִּיצֶען צוּ אֵיין בְּרֶעט, גֶעפִּיגְט אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען, אַזוֹי זָאלְסְטוּ מַאכֶען צוּ אַלֶע בְּרֶעטֶער פוּן דֶעם מִשְׁכָּן׃
18 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען דִיא בְּרֶעטֶער צוּ דֶעם מִשְׁכָּן, צְוַואנְצִיג בְּרֶעטֶער צוּ דִיא זַייט קֶעגֶען דָרוֹם׃
19 אוּנְד פִירְצִיג זִילְבֶּערְנֶע שְׁוֶועלֶען זָאלְסְטוּ מַאכֶען אוּנְטֶער דִיא צְוַואנְצִיג בְּרֶעטֶער, צְווייא שְׁוֶועלֶען אוּנְטֶער אֵיין בְּרֶעט צוּ זַיינֶע צְווייא שְׁפִּיצֶען, אוּנְד צְווייא שְׁוֶועלֶען אוּנְטֶער אֵיין בְּרֶעט צוּ זַיינֶע צְווייא שְׁפִּיצֶען׃
20 אוּנְד צוּ דִיא אַנְדֶערֶע זַייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן קֶעגֶען צָפוֹן צוּ צְוַואנְצִיג בְּרֶעטֶער׃
21 אוּנְד זַיירֶע פֶערְצִיג זִילְבֶּערְנֶע שְׁוֶועלֶען, צְווייא שְׁוֶועלֶען אוּנְטֶער אֵיין בְּרֶעט, אוּנְד צְווייא שְׁוֶועלֶען אוּנְטֶער אֵיין בְּרֶעט׃
22 אוּנְד צוּ דִיא זַייטֶען פוּן דֶעם מִשְׁכָּן קֶעגֶען מַעֲרָב זָאלְסְטוּ מַאכֶען זֶעקְס בְּרֶעטֶער׃
23 אוּנְד צְווייא בְּרֶעטֶער זָאלְסְטוּ מַאכֶען צוּ דִיא ווִינְקֶעלְן פוּן דֶעם מִשְׁכָּן אָן דִיא צְווייא זייטֶען׃
24 אוּנְד זֵייא זָאלֶען זַיין דָאפֶּעלְט פוּן אוּנְטֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זַיין צוּזַאמֶען גֶעפִּיגְט אִיבֶּער זַיין שְׁפִּיץ צוּ דֶעם אֵיינֶען רִינְג, אַזוֹי זָאל זַיין צוּ זֵייא בֵּיידֶע, זֵייא זָאלֶען זַיין צוּ דִיא צְווייא ווִינְקֶעלְן׃
25 אוּנְד זֵייא זָאלֶען זַיין אַכְט בְּרֶעטֶער אוּנְד זַיירֶע זִילְבֶּערְנֶע שְׁוֶועלֶע, זֶעכְצֶעהְן שְׁוֶועלֶען, צְווייא שְׁוֶועלֶען אוּנְטֶער אֵיין בְּרֶעט, אוּנְד צְווייא שְׁוֶועלֶען אוּנְטֶער אֵיין בְּרֶעט׃
26 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען פִינְף רִיגְלֶען פוּן שִׁטִּים הָאלְץ צוּ דִיא בְּרֶעטֶער פוּן דִיא אֵיינֶע זַייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן׃
27 אוּנְד פִינְף רִיגְלֶען צוּ דִיא בְּרֶעטֶער פוּן דִיא אַנְדֶערֶע זַייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן, אוּנְד פִינְף רִיגְלֶען צוּ דִיא בְּרֶעטֶער פוּן דִיא זַייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן צוּ דִיא זַייטֶען קֶעגֶען מַעֲרָב׃
28 אוּנְד דֶער מִיטֶעלְסְטֶע רִיגֶעל אִין צְווִישֶׁען דִיא בְּרֶעטֶער זָאל רִיגְלֶען פוּן אֵיין עֶנְד צוּם אַנְדֶערֶען עֶנְד׃
29 אוּנְד דִיא בְּרֶעטֶער זָאלְסְטוּ אִיבֶּער צִיהֶען מִיט גָאלְד, אוּנְד זַיירֶע רִינְגֶען זָאלְסְטוּ מַאכֶען אוֹיס גָאלְד, הֵייזֶער צוּ דִיא רִיגְלֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיא רִיגְלֶען אִיבֶּערצִיהֶען מִיט גָאלְד׃
30 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיפְשְׁטֶעלֶען דָאס מִשְׁכָּן, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא זַיין גֶערִיכְט וָואס אִיז דִיר גֶעווִייזֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶעם בֶּערְג׃
31 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אֵיין פָּרֹכֶת, פוּן תְּכֵלֶת, אוּנְד פוּרְפּוּר, אוּנְד

קאַרְמִיזִין אוּנְד גֶעצְוִוירְנְטֶע לֵיינֶען, קִינְסְטְלִיךְ װֶערְק זָאל מֶען זֵייא מאַכֶען מִיט כְּרוּבִים ׃

32 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא לֵייגֶען אוֹיף שִׁטִּים זֵיילֶען, אִיבֶּערְצוֹיגֶען מִיט גָאלְד, זֵייעֶרֶע הֶעקֶעלִיךְ זָאלֶען זַיין גָאלְד, אוֹיף פִיר זִילְבֶּערְנֶע שְׁוֶועלֶען ׃

33 אוּנְד דוּא זָאלְסְט הֶענְגֶען דִיא פָּארְהֶענְג אוּנְטֶער דִיא הֶעקֶעלִיךְ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט בְּרֶענְגֶען דָארְטֶען פוּן אִינְוֵוייניג צוּ דֶעם פָּארְהַאנְג דֶעם קַאסְ־טֶען פוּן דֶעם צֵייגְנִים, אוּנְד דָאס פָּרֶכֶת זָאל אָבְּשֵׁיידֶען צוּ אֵייךְ צְוִוישֶׁען קֹדֶשׁ אוּנְד צְוִוישֶׁען קֹדֶשׁ קָדָשִׁים ׃

34 אוּנְד דוּא זָאלְסְט לֵייגֶען דָאס אִיבֶּערְדֶעקֶעל (כַּפּוֹרֶת) אִיבֶּער דֶעם קַאסְטֶען פוּן דֶעם צֵייגְנִים אִין קֹדֶשׁ קָדָשִׁים ׃

35 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שְׁטֶעלֶען דֶעם טִישׁ אוֹיסֶענְוֵוייניג צוּ דֶעם פָּרֶכֶת, אוּנְד דֶעם לֵייכְטֶער קֶעגֶען אִיבֶּער דֶעם טִישׁ אוֹיף דִיא דָרוֹם זֵייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן, אוּנְד דֶעם טִישׁ זָאלְסְטוּ שְׁטֶעלֶען אוֹיף דִיא צָפוֹן זֵייט ׃

36 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אֵיין דֶעק צוּ דִיא טְהִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט, פוּן בְּלוֹיא אוּנְד פּוּרפּוּר אוּנְד קַארְמִיזִין אוּנְד גֶעצְוִוירְנְטֶע לֵייגֶען, גֶעשְׁטִיקְט װֶערְק ׃

37 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען צוּ דֶער דֶעק פִינְף שִׁטִּים זֵיילֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אִיבֶּערְצִיהֶען מִיט גָאלְד, זֵייעֶרֶע הֶעקֶעלִיךְ זָאלֶען גָאלְד זַיין, אוּנְד דוּא זָאלְסְט גִיסֶען צוּ זֵייא פִינְף שְׁוֶועלֶען פוּן קוּפְּפֶער ׃

## קאַפּיטעל כז

א אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל, פוּן שִׁטִּים הָאלְץ, פִינְף אֵיילֶען דִיא לֶענְג אוּנְד פִינְף אֵיילֶען דִיא בְּרֵייט, פִיערֶעקֶעדִיג זָאל דֶער אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל זַיין, אוּנְד דְרֵייא אֵיילֶען זֵיינֶע הֵייךְ ׃

2 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען זֵיינֶע הֶערְנֶער אוֹיף זֵיינֶע פִיר װִינְקֶלֶען, פוּן אִיהְם זָאלֶען זַיין זֵיינֶע הֶערְנֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם אִיבֶּערְצִיהֶען מִיט קוּפְּפֶער ׃

3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען זֵיינֶע טֶעפְּף, אוּנְטֶער צוּ נֶעמֶען זַיין אַשׁ, אוּנְד זֵיינֶע שׁוּפֶעלְן, אוּנְד זֵיינֶע שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען, אוּנְד זֵיינֶע גָאבְּלֶען, אוּנְד זֵיינֶע פֵייעֶר־פַאנֶען, אַלֶע זֵיינֶע גֶעפֶעס זָאלְסְטוּ מַאכֶען פוּן קוּפְּפֶער ׃

4 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען צוּ אִיהְם אֵיין גֶעגִיטֶער, נֶעץ װֶערְק פוּן קוּפְּפֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אוֹיף דֶעם נֶעץ פִיער רִינְגֶען פוּן קוּפְּפֶער אוֹיף זֵיינֶע פִיער װִינְקֶלֶען ׃

5 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא שְׁטֶעלֶען אוּנְטֶער דֶעם רַאנְד פוּן דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל פוּן אוּנְטֶען, אַז דָאס נֶעץ זָאל זַיין בִּיז צוּ דִיא הֶעלְפְט פוּן דֶעם אָפְּפֶער שְׁטוּהְל ׃

6 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען טְרָאג־שְׁטַאנְגֶען צוּ דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל, טְרָאג־שְׁטַאנְגֶען פוּן שִׁטִּים הָאלְץ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אִיבֶּערְצִיהֶען מִיט קוּפְּפֶער ׃

7 אוּנְד דִיא טְרָאג־שְׁטַאנְגֶען זָאלֶען אַרֵיין גֶעבְּרַאכְט װֶערֶען אִין דִיא רִינְגֶען, אוּנְד דִיא טְרָאג־שְׁטַאנְגֶען זָאלֶען זַיין אוֹיף דִיר צְוֵוייא זֵייטֶען פוּן דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל, װֶען מֶען טְרָאגְט אִיהְם ׃

8 דוּא זָאלְסְט אִיהְם מַאכֶען הוֹיל פוּן בְּרֶעטֶער, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא מֶען הָאט

דִיר גֶעװיזֶען אויף דֶעם בֶּערְג, אַזױ
זָאלֶען זֵייא עֶס מַאכֶען׃
9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען דֶעם פָּאר
הויף פוּן דֶעם מִשְׁכָּן, אִין דִיא זֵייט
קֶעגֶען דָרוֹם, דִיא אוּמְהֶענְג צוּ דֶעם
פָּארהויף זָאלֶען זֵיין גֶעצְװִירְנְטֶע לֵיינֶען,
הוּנְדֶערְט אֵיילֶען דִיא לֶענְג צוּ דִיא
אֵיינֶע זֵייט׃
10 אוּנְד זֵיינֶע צְװַאנְצִיג זֵיילֶען אוּנְד
זֵיירֶע צְװַאנְצִיג שְׁװֶעלֶען פוּן קוּפְּפֶער,
דִיא הֶעקֶעלִיךְ פוּן דִיא זֵיילֶען אוּנְד
זֵיירֶע גוּרְט־בֶּענְדֶער זָאלֶען זֵיין זִילְבֶּער׃
11 אוּנְד אַזױ אָן דִיא צָפוֹן זֵייט אִין
דִיא לֶענְג, דִיא אוּמְהֶענְג הוּנְדֶערְט
אֵיילֶען לַאנְג, אוּנְד זֵיינֶע צְװַאנְצִיג
זֵיילֶען אוּנְד זֵיירֶע צְװַאנְצִיג שְׁװֶעלֶען
פוּן קוּפְּפֶער, דִיא הֶעקֶעלִיךְ פוּן דִיא
זֵיילֶען אוּנְד זֵיירֶע גוּרְט־בֶּענְדֶער פוּן
זִילְבֶּער׃
12 אוּנְד דִיא בְּרֵייט פוּן דֶעם פָּאר
הויף צוּ דִיא מַעֲרָב זֵייט, דִיא אוּמְהֶענְג
זָאלֶען זֵיין פִינְפְצִיג אֵיילֶען, זֵיינֶע צֶעהְן
זֵיילֶען אוּנְד זֵיירֶע צֶעהְן שְׁװֶעלֶען׃
13 אוּנְד דִיא בְּרֵייט פוּן דֶעם פָּאר
הויף צוּ דִיא מִזְרַח זֵייט פִינְפְצִיג אֵיילֶען׃
14 אוּנְד פִינְפְצֶעהְן אֵיילֶען דִיא אוּמְ־
הֶענְג צוּ דִיא אֵיינֶע זֵייל, זֵיינֶע דְרֵייא
זֵיילֶען אוּנְד זֵיירֶע דְרֵייא שְׁװֶעלֶען׃
15 אוּנְד צוּ דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט פִינְפְ־
צֶעהְן אֵיילֶען דִיא אוּמְהֶענְג, זֵיינֶע
דְרֵייא זֵיילֶען אוּנְד זֵיירֶע דְרֵייא שְׁװֶעלֶען׃
16 אוּנְד צוּ דֶעם טױעֶר פוּן דֶעם
פָּארהויף, אַ דֶעק פוּן צְװַאנְצִיג אֵיילֶען,
פוּן בְּלױא, אוּנְד פּוּרְפּוּר, אוּנְד קַארְמִיזִין
אוּנְד גֶעצְװִירְנְטֶע לֵיינֶען, גֶעשְׁטִיקְט
װֶערְק, זֵיירֶע פִיר זֵיילֶען אוּנְד זֵיינֶע
פִיר שְׁװֶעלֶען׃

17 אַלֶע זֵיילֶען פוּן דֶעם פָּארהויף
רִינְגְם אַרוּם, גֶעגוּרְט מִיט זִילְבֶּער,
זֵיירֶע הֶעקֶעלִיךְ זִילְבֶּער, אוּנְד זֵיירֶע
שְׁװֶעלֶען קוּפְּפֶער׃
18 דִיא לֶענְג פוּן דֶעם פָּארהויף
זָאל זֵיין הוּנְדֶערְט אֵיילֶען, אוּנְד דִיא
בְּרֵייט פִינְפְצִיג מִיט פִינְפְצִיג, אוּנְד דִיא
הֵייךְ פִינְף אֵיילֶען, גֶעצְװִירְנְטֶע לֵיינֶען,
אוּנְד זֵיירֶע שְׁװֶעלֶען קוּפְּפֶער׃
19 צוּ אַלֶע גֶעפֶעס פוּן דֶעם מִשְׁכָּן
צוּ זֵיין גַאנְצֶען דִינְסְט, אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע
נֶעגֶעל אוּנְד אַלֶע גֶענֶעל פוּן דֶעם
פָּארהויף פוּן קוּפְּפֶער׃

תצוה

20 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעבִּיטֶען דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אַז זֵייא זָאלֶען גֶעמֶען
צוּ דִיר רֵיינֶעס אֵייל פוּן אֵיילְבֶּער, גֶעשְׁ־
טױסֶען, צוּ דִיא לֵייכְטוּנְג, דִיא לַאמְפֶּע
אָן צוּ צִינְדֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג׃
21 אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְ־
זַאמְלוּנְג אוֹיסֶענְװֵיינִיג פוּן דֶעם פָּארְהַאנְג
װָאס אִיז בֵּייא דֶעם צֵייגְנִיס, זָאל אַהֲרֹן
אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן דָאס צוּרִיכְטֶען פוּן
אָבֶענְד בִּיז מָארְגֶען צוּ פַאר גָאט, אֵיין
אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ צוּ זֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער
פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃

קאפיטעל כח

א אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶענֶעהְנֶען צוּ דִיר
דֶעם אַהֲרֹן דֵיין בְּרוּדֶער, אוּנְד זֵיינֶע
זִיהְן מִיט אִיהְם פוּן צְװִישֶׁען דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל, אַז עֶר זָאל זֵיין כֹּהֵן צוּ מִיר,
אַהֲרֹן, נָדָב אוּנְד אֲבִיהוּא, אֶלְעָזָר אוּנְד
אִיתָמָר, דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן׃
2 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען הֵיילִיגֶע
קְלֵיידֶער צוּ אַהֲרֹן דֵיין בְּרוּדֶער, צוּ
הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד צוּ שֵׁיינְהֵייט׃
3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט רֶעדֶען צוּ אַלֶע

קְלוּג־הֶערְצִיגֶע, וָואס אִיךְ הָאבּ זֵייא
דֶערפִילְט מִיט דֶעם רוּחַ חָכְמָה, אַז
זֵייא זָאלֶען מַאכֶען דִיא קְלֵיידֶער פוּן
אַהֲרֹן, אִיהְם צוּ הֵיילִיגֶען, אַז עֶר זָאל
זַיין כֹּהֵן צוּ מִיר:

4 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא קְלֵיידֶער
וָואס זֵייא זָאלֶען מַאכֶען, אַיין בְּרוּסְט־
שְׁפַּאן, אוּנְד אַיין אֵפוֹד, אוּנְד אַיין
אוֹיבֶּערְהֶעמְד, אוּנְד אַיין גֶעקֶעסְטֶעלְט
הֶעמְד, אַיין הוּיבּ, אוּנְד אַיין גַירְטֶעל,
אוּנְד זֵייא זָאלֶען מַאכֶען דִיא הֵיילִיגֶע
קְלֵיידֶער צוּ אַהֲרֹן דַיין בְּרוּדֶער, אוּנְד
צוּ זַיינֶע זִיהְן, אַז עֶר זָאל זַיין כֹּהֵן
צוּ מִיר:

5 אוּנְד זֵייא זָאלֶען נֶעמֶען דָאס גָאלְד
אוּנְד דָאס בְּלוֹיא, אוּנְד דָאס פּוּרְפּוּר,
אוּנְד דָאס קַארְמִיזִין אוּנְד דִיא לַיינֶען:

6 אוּנְד זֵייא זָאלֶען מַאכֶען דֶעם אֵפוֹד
פוּן גָאלְד, בְּלוֹיא אוּנְד פּוּרְפּוּר, קַארְמִיזִין
אוּנְד גֶעצְווירְנְטֶע לַיינֶען, גֶעקִינְסְטֶעלְ־
טֶעם וָוערְק:

7 צְווייא אַקְסֶעל בֶּענְדֶער, גֶעהֶעפְטֶעט
זָאלֶען זַיין צוּ אִיהְם, צוּ זַיינֶע צְווייא
עֶנְדֶען, אַז עֶס זָאל זַיין בֶּעהֶעפְטֶעט:

8 אוּנְד דֶער גַירְטֶעל פוּן זַיין אֵפוֹד
וָואס אִיז אוֹיף אִיהְם, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא
זַיינֶע אַרְבֵּייט זָאל עֶר זַיין פוּן אִיהְם,
פוּן גָאלד, בְּלוֹיא, אוּנְד פּוּרְפּוּר, אוּנְד
קַארְמִיזִין אוּנְד גֶעצְווירְנְטֶע לַיינֶען:

9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען צְווייא
אוֹנִיקֶעל שְׁטֵיינֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
אַיינְקְרִיצֶעלְן אוֹיף זֵייא דִיא נֶעמֶען פוּן
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:

10 זֶעקְס פוּן זַיירֶע נֶעמֶען אוֹיף דֶעם
אַיינֶען שְׁטֵיין, אוּנְד דִיא נֶעמֶען פוּן
דִיא זֶעקְס אִיבְּרִיגֶע אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען
שְׁטֵיין, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא זַיירֶע גֶעבּוּרְט:

11 דָאס וָוערְק פוּן אַיין שְׁטֵיין־שְׁנֵיידֶער,
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דִיא אַיינְקְרִיצְלוּנְג פוּן
אַיין זִיגֶעל־רִינְג זָאלְסְטוּ אַיינְקְרִיצְלֶען
דִיא צְווייא שְׁטֵיינֶער מִיט דִיא נֶעמֶען
פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּמְגֶערִינְגֶעלְט
אִין גָאלְדֶענֶע קַאסְטֶען זָאלְסְטוּ זֵייא
מַאכֶען:

12 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֶעצֶען דִיא צְווייא
שְׁטֵיינֶער אוֹיף דִיא אַקְסֶעל בֶּענְדֶער
פוּן דֶעם אֵפוֹד שְׁטֵיינֶער פוּן גֶעדֶערְכְט־
נִיס צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אַהֲרֹן
זָאל טְרָאגֶען זַיירֶע נֶעמֶען צוּ פַאר גָאט
אוֹיף זַיינֶע צְווייא אַקְסְלֶען צוּ אַיין
גֶעדֶערְכְטְנִיס:

13 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען גָאלְדֶענֶע
קַאסְטֶען:

14 אוּנְד צְווייא קֵייטֶען פוּן רֵיין גָאלְד
גֶעמֶערְקְט, זָאלְסְטוּ זֵייא מַאכֶען, גֶע־
פְלָאכְטֶען וָוערְק, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
זֶעצֶען דִיא גֶעפְלָאכְטֶענֶע קֵייטֶען אִין
דִיא קַאסְטֶען:

15 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען דִיא
בְּרוּסְט שְׁפַּאן פוּן גֶערִיכְט (חֹשֶׁן מִשְׁפָּט)
גֶעקִינְסְטֶעלְט וָוערְק, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא
דָאס וָוערְק פוּן דֶעם אֵפוֹד זָאלְסְטוּ
אִיהְם מַאכֶען, פוּן גָאלְד, בְּלוֹיא, אוּנְד
פּוּרְפּוּר אוּנְד קַארְמִיזִין אוּנְד גֶעצְווירְנְטֶע
לַיינֶען, זָאלְסְטוּ אִיהְם מַאכֶען:

16 עֶס זָאל זַיין פִיערֶעקֶעדִיג, גֶעדָא־
פֶּעלְט, אַיין דוֹימֶען זַיינֶע לֶענְג, אוּנְד
אַיין דוֹימֶען זַיינֶע בְּרֵייט:

17 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֶערְפִילֶען אַיינֶע
דֶערְפִילוּנְג פוּן שְׁטֵיין, פִיער צֵיילֶען פוּן
שְׁטֵיין, אַיין צֵייל, רוּבִּין, פְּרִיזַאנְד, אוּנְד
אַיין קַארְפֶּנְקֶעל, דָאס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע
צֵייל:

18 אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע צֵייל, אַיין



סְמַאראַגְד

סְמַאראַגְד, אַיין סַפִּיר, אוּנְד דִיאַמַאנְט:
19 אוּנְד דִיא דְרִיטֶע צֵייל, אַיין שִׁירְקַאס
אַיין שַׁאפַּאס, אוּנְד אַיין קְרִיסטַאל:
20 אוּנְד דִיא פִירְטֶע צֵייל, אַיין טִירְ־
קִיס, אוּנְד אוֹנִיקִיל, אוּנְד יַאסְפִּיס, זַייא
זָאלֶען זַיין אַיינְגֶעפַּאסט מִיט גָאלְד, אִין
זַייעֶרֶע דֶערְפִילוּנְג:
21 אוּנְד דִיא שְׁטֵיינֶער זָאלֶען זַיין נָאךְ
דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
צְוֶועלְף נָאךְ זַייעֶרֶע נֶעמֶען, גְלֵייךְ אַזוֹי
וִויא דִיא אַיינְקְרִיצְלוּנְג פוּן אַיין זִיגֶעל
רִינְג, אִיטְלִיכֶער נָאךְ זַיין נָאמֶען נָאךְ
זָאלֶען זַייא זַיין צוּ דִיא צְוֶועלְף שְׁבָטִים:
22 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אוֹיף
דִיא בְּרוּסְט שְׁפַּאן גֶעמֶערְקְטֶע קֵייטֶען
גֶעפְלָאכְטֶען וֶוערְק, רֵיין גָאלְד:
23 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אוֹיף
דִיא בְּרוּסְט שְׁפַּאן צְוֵוייא גָאלְדֶענֶע
רִינְגֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן דִיא
צְוֵוייא רִינְגֶען אוֹיף דִיא צְוֵוייא עֶנְדֶען
פוּן דִיא בְּרוּסְט שְׁפַּאן:
24 אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן דִיא צְוֵוייא
גֶעפְלָאכְטֶענֶע גָאלְדֶענֶע קֵייטֶען אוֹיף
דִיא צְוֵוייא רִינְגֶען, צוּ דִיא עֶנְדֶען פוּן
דִיא בְּרוּסְט שְׁפַּאן:
25 אוּנְד דִיא צְוֵוייא עֶקֶען פוּן דִיא
צְוֵוייא גֶעפְלָאכְטֶענֶע קֵייטֶען זָאלְסְטוּ
טְהוּן אוֹיף דִיא צְוֵוייא קַאסְטֶען, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט זַייא זֶעצֶען אוֹיף דִיא אַקְ־
סֶעל בֶּענְדֶער פוּן דֶעם אֵפוֹד, קֶעגֶען
דִיא פָארְדֶערְשְׁטֶע זַייט:
26 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען צְוֵוייא
גָאלְדֶענֶע רִינְגֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַייא
זֶעצֶען אוֹיף דִיא צְוֵוייא עֶקֶען פוּן דִיא
בְּרוּסְט שְׁפַּאן, אוֹיף זַיין זוּים וָואס אִיז
צוּ דִיא זַייט פוּן דֶעם אֵפוֹד אִינְוֵוינִיג:
27 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען צְוֵוייא
גָאלְדֶענֶע רִינְגֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַייא
זֶעצֶען אוֹיף דִיא צְוֵוייא אַקְסֶעל בֶּענְדֶער
פוּן דֶעם אֵפוֹד פוּן אוּנְטֶען, קֶעגֶען דִיא
פָארְדֶערְשְׁטֶע זַייט פוּן קֶעגֶען אִיבֶּער
זַיינֶע בֶּעהֶעפְטוּנְג, פוּן אוֹיבֶּען צוּ דֶעם
גִירְטֶעל פוּן דֶעם אֵפוֹד:
28 אוּנְד זַייא זָאלֶען אָנְבִּינְדֶען דִיא
בְּרוּסְט שְׁפַּאן מִיט זַיינֶע רִינְגֶען, צוּ
דִיא רִינְגֶען פוּן דֶעם אֵפוֹד מִיט אַיינֶע
בְּלוֹיעֶ שְׁנוּר, צוּ זַיין אוֹיף דֶעם גִירְטֶעל
פוּן דֶעם אֵפוֹד, אַז דִיא בְּרוּסְט שְׁפַּאן
זָאל נִיט אַוֶועק גֶערִיקְט וֶוערֶען פוּן
אָב דֶעם אֵפוֹד:
29 אוּנְד אַהֲרֹן זָאל טְרָאגֶען דִיא נֶעמֶען
פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אָן דִיא בְּרוּסְט
שְׁפַּאן פוּן גֶערִיכְט (חשן משפט) אוֹיף
זַיין הֶערְץ וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען אִין דֶעם
הֵיילִיגְטוּם, צוּ אַיין גֶעדֶעכְטְנִיס צוּ
פַאר גָאט בֶּעשְׁטֶענְדִיג:
30 אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן אִין דִיא
בְּרוּסְט שְׁפַּאן פוּן גֶערִיכְט (חשן משפט)
דִיא אוּרִים אוּנְד תֻּמִּים, אוּנְד זַייא
זָאלֶען זַיין אוֹיף דֶעם הֶערְץ פוּן אַהֲרֹן
וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען צוּ פַאר גָאט, אוּנְד
אַהֲרֹן זָאל טְרָאגֶען דָאס גֶערִיכְט פוּן
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוֹיף זַיין הֶערְץ
צוּ פַאר גָאט בֶּעשְׁטֶענְדִיג:
31 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען דָאס
אוֹיבֶּער הֶעמְד פוּן דֶעם אֵפוֹד גַאנְץ
בְּלוֹיא:
32 אוּנְד זַיין קָאפְּף לָאךְ זָאל זַיין אִין
צְווִישֶׁען אִיהְם, אַיין זוּים זָאל זַיין צוּ
זַיין לָאךְ רִינְגְס אַרוּם, גֶעוֶועבְּט וֶוערְק
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס לָאךְ פוּן אַיין
פַּאנְצֶער זָאל זַיין צוּ אִיהְם, אַז עֶס זָאל
נִיט צוּרִיסֶען וֶוערֶען:
33 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אוֹיף זַיין

זוים מִילגְרוֹמֶען פוּן בְּלוֹיא אוּנְד פּוּרפּוּר
אוּנְד קַארמִיזִין, אוֹיף זַיין זוים רִינְגְס
אַרוּם, אוּנְד גָאלְדֶענֶע גְלֶעקְלִיך אִין
צְווִישֶׁען זֵייא רִינְגְס אַרוּם:
34 אֵיין גָאלְדֶען גְלֶעקֶעל אוּנְד אֵיין
מִילְגְרוֹים, אֵיין גָאלְדֶען גְלֶעקֶעל אוּנְד
אֵיין מִילְגְרוֹים, אוֹיף דֶעם זוים פוּן דֶעם
אוֹיבֶּערהֶעמְד רִינְגְס אַרוּם:
35 אוּנְד עֶס זָאל זַיין אוֹיף אַהֲרֹן צוּ
דִיעֶנֶען, אוּנְד זַיינֶע שְׁטִים זָאל גֶעהֶערְט
װֶערֶען װֶען עֶר װֶעט קוּמֶען אִין דֶעם
הֵיילִיגְטְהוּם צוּ פַאר גָאט, אוּנְד װֶען
עֶר װֶעט אַרוֹיס גֵיין, אַז עֶר זָאל נִיט
שְׁטַארְבֶּען:
36 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אֵיין בְּלֶעך
פוּן רֵיין גָאלְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אֵיינְ־
קְרִיצְלֶען אוֹיף אִיהְם גְלֵייך אַזוֹי וִויא
דִיא אֵיינקְרִיצְלוּנְג פוּן אֵיין זִיגֶעלְרִינְג
קדש ליהוה:
37 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם זֶעצֶען
אוֹיף אֵיינֶע בְּלוֹיעֶ שְׁנוּר, אוּנְד עֶר זָאל
זַיין אוֹיף דִיא הוֹיב, אוֹיף דִיא פָארְ־
דֶערְשְׁטֶע זַייט פוּן דִיא הוֹיב זָאל עֶר זַיין:
38 אוּנְד עֶס זָאל זַיין אוֹיף דֶעם
שְׁטֶערֶען פוּן אַהֲרֹן, אַז אַהֲרֹן זָאל
טְרָאגֶען דִיא זִינְד פוּן דִיא הֵיילִיגְקֵייטֶען
וָואס דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל װֶעלֶען הֵייל־
לִיגֶען צוּ אַלֶע זֵיירֶע הֵיילִיגֶע גָאבֶּען,
אוּנְד עֶס זָאל זַיין אוֹיף זַיין שְׁטֶערֶען
בֶּעשְׁטֶענְדִיג צוּ אֵיין וָואהְלְגֶעפַאלֶען צוּ
זֵייא, צוּ פַאר גָאט:
39 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שְׁטִיקֶען דָאס
לֵיינֶענֶע הֶעמְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
מַאכֶען אֵיינֶע לֵיינֶענֶע הוֹיב, אוּנְד אֵיין
גִירְטֶעל זָאלְסְטוּ מַאכֶען גֶעשְׁטִיקְט װֶערְק:
40 אוּנְד צוּ דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן
זָאלְסְטוּ מַאכֶען הֶעמְדֶער, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט מַאכֶען צוּ זֵייא גִירְטֶלֶען, אוּנְד
הוֹיכֶע הוֹיבֶּען זָאלְסְטוּ מַאכֶען צוּ זֵייא,
צוּ הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד צוּ שֵׁיינְהֵייט:
41 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אָנְקְלֵיידֶען
אָן אַהֲרֹן דֵיין בְּרוּדֶער, אוּנְד אָן זֵיינֶע
זִיהְן מִיט אִיהְם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא
זַאלְבֶּען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֶערְפִילֶען
זֵיירֶע הֶענְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא
הֵיילִיגֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זַיין כֹּהֲנִים
צוּ מִיר:
42 אוּנְד מַאךְ צוּ זֵייא לֵיינֶענֶע הוֹיזֶען
צוּ בֶּעדֶעקֶען דָאס פְלֵיישׁ פוּן דִיא שַׁאנְד,
זֵייא זָאלֶען זַיין פוּן דִיא לֶענְדֶען בִּיז
צוּ דִיא דִיכְטֶען:
43 אוּנְד זֵייא זָאלֶען זַיין אוֹיף אַהֲרֹן
אוּנְד אוֹיף זַיינֶע זִיהְן, װֶען זֵייא קוּמֶען
צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג,
אָדֶער װֶען זֵייא גֶענֶעהֶנֶען צוּ דֶעם
אָפְּפֶער שְׁטוּהְל צוּ דִינֶען אִין דֶעם
הֵיילִיגְטוּם, אַז זֵייא זָאלֶען נִיט טְרָאגֶען
קֵיינֶע זִינְד אוּנְד שְׁטַארְבֶּען, עֶס זָאל
זַיין אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ צוּ אִיהְם אוּנְד
צוּ זַיין זָאמֶען נָאךְ אִיהְם:

## קאפִּיטעל כט

א אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע אִיז דִיא זַאךְ
וָואס דוּא זָאלְסְט טְהוּן צוּ זֵייא, זֵייא
צוּ הֵיילִיגֶען, אַז זֵייא זָאלֶען זַיין כֹּהֲנִים
צוּ מִיר, נֶעם אֵיין יוּנְגֶען שְׁטִיעֶר אוּנְד
צְווייא װִידֶער אָהְן פֶעהְלֶער:
2 אוּנְד בְּרוֹיט פוּן מַצוֹת, אוּנְד קוּכֶען
פוּן מַצוֹת, גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל, אוּנְד
דִינֶע קוּכֶען פוּן מַצוֹת בֶּעשְׁמִירְט מִיט
אֵייל, װֵייצֶען מֶעהְל זָאלְסְטוּ זֵייא מַאכֶען:
3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא לֵייגֶען אִין
אֵיין קָארְבּ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא
גֶענֶעהֶנֶען אִין דֶעם קָארְבּ, אוּנְד דֶעם
שְׁטִיעֶר אוּנְד דִיא צְווייא װִידֶער:

4 אוּנְד דֶעם אַהֲרן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן זָאלְסְטוּ גֶענֶעהֶנֶען צוּ דִיא טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא וַואשֶׁען מִיט וַואסֶער:

5 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען דִיא קְלֵיידֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָנְקְלֵיידֶען דֶעם אַהֲרן מִיט דֶעם הֶעמְד, אוּנְד דָאס אוֹיבֶּערהֶעמְד פוּן דֶעם אֵפוֹד, אוּנְד מִיט דֶעם אֵפוֹד, אוּנְד מִיט דִיא בְּרוּסְטשְׁפַּאן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם גַארְטְלֶען מִיט דֶעם גַארְטֶעל פוּן דֶעם אֵפוֹד:

6 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֶעצֶען דִיא הוֹיבּ אוֹיף זַיין קָאפְּף, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֶעצֶען דִיא הֵיילִיגֶע קְרוֹין אוֹיף דִיא הוֹיבּ:

7 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען דָאס אֵייל פוּן דִיא זַאלְבּוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט גִיסֶען אוֹיף זַיין קָאפְּף, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם זַאלְבֶּען:

8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶענֶעהֶנֶען זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אָנְקְלֵיידֶען מִיט דִיא הֶעמְדֶער:

9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא גַארְטְלֶען מִיט דֶעם גַארְטֶעל, אַהֲרן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָנְבִּינְדֶען צוּ זֵייא דִיא הוֹיבֶּע הוֹיבֶּען, אוּנְד עֶס זָאל זַיין צוּ זֵייא אֵיין כְּהוּנָּה צוּ אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֶערְפִילֶען דִיא הַאנְד פוּן אַהֲרן אוּנְד דִיא הֶענְד פוּן זַיינֶע זִיהְן:

10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶענֶעהֶנֶען דֶעם שְׁטִיער צוּ פַאר דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד אַהֲרן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן זָאלֶען לֵייגֶען זֵייעֶרֶע הֶענְד אוֹיף דֶעם קָאפְּף פוּן דֶעם שְׁטִיער:

11 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שֶׁעכְטֶען דֶעם שְׁטִיער צוּ פַאר גָאט, בַּייא דִיא טִהִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג:

12 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם שְׁטִיער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס טְהוּן אוֹיף דִיא הֶערְנֶער פוּן דֶעם אָפְּפֶער שְׁטוּהְל, מִיט דַיין פִינְגֶער, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע בְּלוּט זָאלְסְטוּ אוֹיסגִיסֶען אָן דֶעם גְרוּנְד פוּן דֶעם אָפְּפֶער שְׁטוּהְל:

13 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען דָאס גַאנְצֶע אִינְשְׁלִיט וָואס בֶּעדֶעקְט דָאס אֵיינְגֶעוֵוייד, אוּנְד דָאס רוֹיטפְּלֵייש מִיט דֶער לֶעבֶּער, אוּנְד דִיא צְוֵוייא נִיעֶרֶען, אוּנְד דָאס אִינְשְׁלִיט וָואס אִיז אוֹיף זֵייא, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֶעמְפְּפֶען אוֹיף דֶעם אָפְּפֶער שְׁטוּהְל:

14 אָבֶּער דָאס פְלֵייש פוּן דֶעם שְׁטִיער אוּנְד זַיין פֶעל אוּנְד זַיין מִיסְט, זָאלְסְט דוּא פֶערְבְּרֶענֶען מִיט פֵייעֶר, אוֹיסֶענְוֵוינִיג פוּן דֶעם לַאגֶער, עֶס אִיז אֵיין זִינְד אָפְּפֶער:

15 אוּנְד דֶעם אֵיינֶען ווִידֶער זָאלְסְט דוּא נֶעמֶען, אוּנְד אַהֲרן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן זָאלֶען לֵייגֶען זֵייעֶרֶע הֶענְד אוֹיף דֶעם קָאפְּף פוּן דֶעם ווִידֶער:

16 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שֶׁעכְטֶען דֶעם ווִידֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען זַיין בְּלוּט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס שְׁפְּרֶענְגֶען אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל רִינְגְס אַרוּם:

17 אוּנְד דֶעם ווִידֶער זָאלְסְטוּ צוּטֵיילֶען צוּ זַיינֶע שְׁטִיקֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט וַואשֶׁען זַיין אֵיינְגֶעוֵוייד אוּנְד זַיינֶע שֶׁענְקֶעל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס לֵייגֶען אוֹיף זַיינֶע שְׁטִיקֶער אוּנְד אוֹיף זַיין קָאפְּף:

18 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֶעמְפְּפֶען דֶעם גַאנְצֶען ווִידֶער אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל, עֶס אִיז אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער צוּ גָאט, אֵיין לִיבְּלִיכֶער גֶעשְׁמַאק, אֵיין פֵייעֶר

אָפְּפֶער צוּ גָאט׃
19 אוּנְד דוּא זָאלסְט נֶעמֶען דֶעם
אַנְדֶערְן ווִידֶער, אוּנְד אַהֲרן אוּנְד זַיינֶע
זִיהְן זָאלֶען לֵייגֶען זֵיירֶע הֶענְד אויף
דֶעם קָאפְּ פוּן דֶעם ווִידֶער׃
20 אוּנְד דוּא זָאלסְט שֶׁעכְטֶען דֶעם
ווִידֶער, אוּנְד דוּא זָאלסְט נֶעמֶען פוּן
זַיין בְּלוּט, אוּנְד דוּא זָאלסְט עֶס טְהוּן
אויף דֶעם רֶעכְטֶען אויעֶר־לַאפֶּען פוּן
אַהֲרן אוּנְד אויף דֶעם רֶעכְטֶען אויעֶר־
לַאפֶּען פוּן זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד אויף דֶעם
דוימֶען פוּן זֵיירֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד
אויף דֶעם דוימֶען פוּן זֵייעֶר רֶעכְטֶען
פוּס, אוּנְד דוּא זָאלְסְט שְׁפְּרֶענְגֶען דָאס
בְּלוּט אויף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל רִינְגְס
אַרוּם׃
21 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען פוּן דֶעם
בְּלוּט וָואס אִיז אויף דֶעם אָפְּפֶער־
שְׁטוּהְל, אוּנְד פוּן דֶעם אֵייל פוּן דִיא
זַאלְבּוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסט עֶס שְׁפְּרֶענְגֶען
אויף אַהֲרן אוּנְד אויף זַיינֶע קְלֵיידֶער,
אוּנְד אויף זַיינֶע זִיהְן אוּנְד אויף דִיא
קְלֵיידֶער פוּן זַיינֶע זִיהְן מִיט אִיהְם,
אוּנְד עֶר זָאל הֵיילִיג זַיין, אוּנְד זַיינֶע
קְלֵיידֶער, אוּנְד זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד דִיא
קְלֵיידֶער פוּן זַיינֶע זִיהְן מִיט אִיהְם.
22 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען פוּן דֶעם
ווִידֶער, דָאס אִינְשְׁלִיט אוּנְד דָאס וויי־
דֶעל, אוּנְד דָאס אִינְשְׁלִיט וָואס בֶּעדֶעקְט
דָאס אֵיינְגֶעווייד, אוּנְד דָאס רויטפְּלֵייש
מִיט דֶער לֶעבֶּער, אוּנְד דִיא צְווייא
נִיעֶרֶען, אוּנְד דָאס אִינְשְׁלִיט וָואס אִיז
אויף זֵייא, אוּנְד דִיא רֶעכְטֶע שׁוּלְטֶער,
ווייל עֶס אִיז אֵיין ווִידֶער פוּן דֶער־
פִילוּנְג׃
23 אוּנְד אֵיין לֵייבֶּעל בְּרויט, אוּנְד
אֵיין אֵייל־קוּכֶען פוּן בְּרויט, אוּנְד אֵיין
דִינֶען קוּכֶען פוּן דֶעם קָארְבּ פוּן דִיא
מַצוֹת, וָואס אִיז צוּ פַאר גָאט׃
24 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דָאס גַאנְצֶע
לֵייגֶען אויף דִיא הֶענְד פוּן אַהֲרן, אוּנְד
אויף דִיא הֶענְד פוּן זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט זֵייא אויפְהֵייבֶּען אֵיינֶע
אויפְהֵייבּוּנְג צוּ פַאר גָאט׃
25 אוּנְד דוּא זָאלְסט זֵייא נֶעמֶען פוּן
זֵיירֶע הֶענְד, אוּנְד דוּא זָאלְסט זֵייא רֶעמְר־
פֶען אויף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל אויף דֶעם
בְּרַאנְד אָפְּפֶער, צוּ אֵיין לִיבְּלִיכֶען
גֶעשְׁמַאק צוּ פַאר גָאט, עֶס אִיז אֵיין
פֵייעֶר־אָפְּפֶער צוּ גָאט׃
26 אוּנְד דוּא זָאלְסט נֶעמֶען דִיא
בְּרוּסְט פוּן דֶעם ווִידֶער פוּן דֶער־
פִילוּנְג וָואס אִיז צוּ אַהֲרן, אוּנְד דוּא
זָאלְסט זִיא אויפְהֵייבֶּען אֵיינֶע אויפְ־
הֵייבּוּנְג צוּ פַאר גָאט, אוּנְד עֶס זָאל
זַיין צוּ דִיר צוּ אֵיין טְהֵייל׃
27 אוּנְד דוּא זָאלְסט הֵיילִיגֶען דִיא
בְּרוּסְט פוּן דִיא אויפְהֵייבוּנְג, אוּנְד דִיא
שׁוּלְטֶער פוּן דִיא אָבְשֵׁיידוּנְג, וָואס אִיז
אויפְגֶעהויבֶּען גֶעוָוארֶען, אוּנְד וָואס
אִיז אָבְגֶעשֵׁיידֶען גֶעוָוארֶען, פוּן דֶעם
ווִידֶער פוּן דֶערפִילוּנְג, פוּן דֶעם וָואס
אִיז צוּ אַהֲרן, אוּנְד פוּן דֶעם וָואס אִיז
צוּ זַיינֶע זִיהְן׃
28 אוּנְד עֶס זָאל זַיין צוּ אַהֲרן אוּנְד
צוּ זַיינֶע זִיהְן צוּ אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ
פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, ווייל עֶס אִיז
אֵיינֶע אָבְּשֵׁיידוּנְג, אוּנְד דִיא אָבְשֵׁיידוּנְג
זָאל זַיין פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, פוּן
זֵיירֶע פְרִיד אָפְּפֶער, זֵיירֶע אָבְשֵׁיידוּנְג
צוּ גָאט׃
29 אוּנְד דִיא הֵיילִיגֶע קְלֵיידֶער וָואס
זֶענֶען צוּ אַהֲרן, זָאלֶען זַיין צוּ זַיינֶע
זִיהְן נָאךְ אִיהְם, צוּ זַאלְבֶּען מִיט זֵייא

אונד

אונד צו דערפילען מיט זייא זייערע
הענד:
30 דער פון זיינע זיהן, וואס איז כהן
אן זיין שטעל, זאל זייא אנקליידען
זיבען טעג, וואס ער זאל קומען אין
דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג צו
דינען אין דיא הייליגקייט:
31 אונד דעם ווידער פון דערפילונג
זאלסט דוא נעמען, אונד דוא זאלסט
קאכען זיין פלייש אין דעם הייליגען
ארט:
32 אונד אהרן אונד זיינע זיהן זאלען
עסען דאס פלייש פון דעם ווידער,
אונד דאס ברויט וואס איז אין דעם
קארב, בייא דיא טהיר פון דעם גע-
צעלט פון דיא פערזאמלונג:
33 אונד זייא זאלען דאס עסען מיט
וואס איז פערזעהנט (מכפר געוועזען)
צו דערפילען זייערע האנד, אונד זייא
צו הייליגען, אונד קיין פרעמדער זאל
עס ניט עסען, דען זייא זענען הייליג:
34 אונד ווען עס וועט איבריג בלייי-
בען פון דעם פלייש פון דיא דערפילונג
אונד פון דעם ברויט ביז מארגען, אזוי
זאלסט דוא פערברענען דאס איבער
געבליבענע מיט פייער, עס זאל ניט
געגעסען ווערען, דען עס איז הייליג:
35 אונד דוא זאלסט מאכען צו אהרן
אונד צו זיינע זיהן, גלייך אזוי וויא
אלעס וואס איך האב דיר געבאטען,
זיבען טעג זאלסט דוא דערפילען זייערע
הענד:
36 אונד איין שטיער פון דעם זינד
אפפער זאלסט דוא טעגליך אנבערייי-
טען פון וועגען דיא פערזעהנונג (כפורים)
אונד דוא זאלסט ריינינגען אויף דעם
אפפער שטוהל, ווען דוא האסט
מכפר געוועזען אויף איהם, אונד
דוא זאלסט איהם זאלבען איהם צו
הייליגען:
37 זיבען טעג זאלסט דוא מכפר
זיין אויף דעם אפפער-שטוהל,
אונד דוא זאלסט איהם הייליגען, אונד
דער אפפער-שטוהל זאל זיין גאנץ
הייליג, אלעס וואס אנריהרט אן דעם
אפפער-שטוהל זאל זיין הייליג:
38 אונד דאס דאזיגע איז וואס דוא
זאלסט אפפערען אויף דעם אפפער
שטוהל, צווייא לעמער, איין יאהר
אלט, טעגליך, בעשטענדיג:
39 דאס איינע לאם זאלסט דוא
אפפערען אין דעם מארגען, אונד דאס
אנדערע לאם זאלסט דוא אפפערען
צווישען דיא צווייא אבענדען:
40 אונד איין צעהנטעל פון זעמעל
מעהל געמישט מיט דעם פירטען טייל
פון איין הין פון געשטויסען אייל,
אונד צו דיא געמישונג איין פירטעל
הין פון וויין צו איין לאם:
41 אונד דאס אנדערע לאם זאלסט
דוא אפפערען צווישען דיא צווייא
אבענדען, גלייך אזוי וויא דאס שפייז
אפפער פון דעם מארגען, אונד גלייך
אזוי וויא זיינע גיסונג זאלסט דוא
מאכען צו איהם, צו איין ליבליבען
געשמאק, איין פייעראפפער צו גאט:
42 איין בעשטענדיג בראנדאפפער צו
אייער געשלעכט, בייא דיא טהיר פון
דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג,
צו פאר גאט, וואו איך וועל מיט
אייך דארטען צוזאמען קומען, דארטען
צו דיר צו רעדען:
43 אונד דארטען וועל איך צוזאמען
קומען מיט דיא קינדער ישראל, אונד

עֶס וֶועט גֶעהֵיילִיגְט וֶוערֶען מִיט מֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט:

44 אוּנְד אִיךְ וֶועל הֵיילִיגֶען דָאס גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל, אוּנְד דֶעם אַהֲרֹן, אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן, וֶועל אִיךְ הֵיילִיגֶען, צוּ זַיין כֹּהֲנִים צוּ מִיר:

45 אוּנְד אִיךְ וֶועל וְואוֹינֶען אִין צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַיין צוּ זֵייא צוּ אֵיין גָאט:

46 אוּנְד זֵייא זָאלֶען ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר זֵייעֶר גָאט, וָואס אִיךְ הָאבּ זֵייא אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אַז אִיךְ זָאל וְואוֹינֶען אִין צְווִישֶׁען זֵייא, אִיךְ בִּין דֶער הַאר זֵייעֶר גָאט:

קאפיטעל ל

א אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אֵיין אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל צוּ דֶעמְפֶּען רוֹיךְ וֶוערְק, פוּן שִׁטִּים הָאלְץ זָאלְסְט דוּא אִיהְם מַאכֶען:

2 אֵיינֶע אֵייל זָאל זֵיינֶע לֶענְג זַיין, אוּנְד אֵיינֶע אֵייל זֵיינֶע בְּרֵייט, פִירֶעקֶעדִיג זָאל עֶר זַיין, אוּנְד צְווֵייא אֵיילֶען זֵיינֶע הֵייךְ, זֵיינֶע הֶערְנֶער זָאלֶען זַיין פוּן אִיהְם:

3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם אִיבֶּער צִיהֶען מִיט רֵיין גָאלְד, זַיין דַאךְ אוּנְד זֵיינֶע וֶוענְד רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד זֵיינֶע הֶערְנֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען צוּ אִיהְם אֵיין גָאלְדֶענֶען קְרַאנְץ רִינְגְס אַרוּם:

4 אוּנְד צְווֵייא גָאלְדֶענֶע רִינְגֶען זָאלְסְט דוּא מַאכֶען צוּא אִיהְם, פוּן אוּנְטֶען צוּ זַיין קְרַאנְץ, אוּנְד זֵיינֶע צְווֵייא עֶקֶען זָאלְסְט דוּא מַאכֶען אוֹיף זֵיינֶע צְווֵייא זֵייטֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זַיין צוּ הֵייזֶער צוּ דִיא טְרָאג שְׁטַאנְגֶען, אִיהְם צוּ טְרָאגֶען מִיט זֵייא:

5 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען דִיא טְרָאג שְׁטַאנְגֶען פוּן שִׁטִּים הָאלְץ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אִיבֶּער צִיהֶען מִיט גָאלְד:

6 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם זֶעצֶען צוּ פָאר דִיא פָארְהַאנְג וָואס אִיז בֵּייא דֶעם קַאסְטֶען פוּן דֶעם צֵייגְנִיס, צוּ פָאר דֶעם אִיבֶּער־דֶעקֶעל (כפרת) וָואס אִיז בֵּייא דֶעם צֵייגְנִיס, וְואוּ אִיךְ וֶועל מִיט דִיר דָארְטֶען צוּזַאמֶענְקוּמֶען:

7 אוּנְד אַהֲרֹן זָאל דֶעמְפֶּען אוֹיף אִיהְם רוֹיךְ וֶוערְק פוּן וָואהְלְשְׁמֶעקֶענְדֶע גֶעוֶוערְץ, אַלֶע מָארְגֶען, ווֶוען עֶר מַאכְט צוּרֶעכְט דִיא לַאמְפֶּען, זָאל עֶר עֶס דֶעמְפֶּען:

8 אוּנְד ווֶוען אַהֲרֹן צִינְדֶעט אָן דִיא לַאמְפֶּען צְווִישֶׁען דִיא צְווֵייא אָבֶּענְדֶען, זָאל עֶר עֶס דֶעמְפֶּען, אֵיין בֶּעשְׁטֶענְדִיג רוֹיךְ וֶוערְק צוּ פַאר גָאט צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער:

9 אִיהְר זָאלְט נִיט אָפְּפֶערֶען אוֹיף אִיהְם קֵיינֶע פְרֶעמְדֶע רוֹיךְ וֶוערְק, אוּנְד קֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד קֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער, אוּנְד קֵיינֶע גִיסוּנְג זָאלְט אִיהְר נִיט גִיסֶען אוֹיף אִיהְם:

10 אוּנְד אַהֲרֹן זָאל מְכַפֵּר זַיין אֵיינְמָאל אִין דֶעם יָאהְר אוֹיף זֵיינֶע הֶערְנֶער פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם זִינְד אָפְּפֶער פוּן דִיא פֶערְזֶעהְנוּנְג (הכפורים) אֵיינְמָאל אִין דֶעם יָאהר זָאל עֶר מְכַפֵּר זַיין אוֹיף אִיהְם צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, דָאס אִיז גַאנְץ הֵיילִיג צוּ גָאט:

כי תשא

11 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

12 ווֶוען דוּא וֶועסְט צֵיילֶען דִיא קֶעפּ פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל צוּ זֵייעֶרֶע

צֵיילוּנְגֶען, אַזוי זָאלֶען זַייא גֶעבֶּען אִיטלִיכֶער אַיין לֶעזֶע־גֶעלְד פַאר זַיינֶע זֶעלֶע צוּ גָאט, וֶוען מֶען צֵיילְט זַייא, אַז עֶס זָאל נִיט זַיין קֵיינֶע פְּלָאג אויף זַייא וֶוען מֶען צֵיילְט זַייא:

13 דָאס דָאזִיגֶע זָאלֶען זַייא גֶעבֶּען, אִיטלִיכֶער וָואס גֵייט וֶועגֶען דִיא צֵיילוּנְג, אַיין הַאלְבֶּען שֶׁקֶל, נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ, דֶער שֶׁקֶל אִיז צְוַאנְצִיג גֵרָה, דֶער הַאלְבֶּער שֶׁקֶל זָאל זַיין אַיינֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג צוּ גָאט:

14 אִיטלִיכֶער וָואס גֵייט פוּן וֶועגֶען דִיא צֵיילוּנְג, פוּן צְוַאנְצִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד דַארִיבֶּער, זָאל גֶעבֶּען דִיא אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן גָאט:

15 דֶער רֵייכֶער זָאל נִיט מֶעהְר גֶע־בֶּען אוּנְד דֶער אָרְמֶער זָאל נִיט וֶוינִיגֶער גֶעבֶּען פוּן דֶעם הַאלְבֶּען שֶׁקֶל, צוּ גֶע־בֶּען דִיא אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן גָאט, מְכַפֵּר צוּ זַיין אויף אֵיירֶע זֶעלֶען:

16 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶענֶעמֶען דָאס גֶעלְד פוּן דִיא פַארזֶעהְנוּנְג (כִּפּוּרִים) פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס גֶעבֶּען צוּ דֶעם דִינְסט פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג, אוּנְד עֶס זָאל זַיין צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל צוּ אַיין גֶעדֶעכְטנִיס צוּ פַאר גָאט מְכַפֵּר צוּ זַיין אויף אֵיירֶע זֶעלֶען:

17 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוי צוּ זָאגֶען:

18 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אַיין הַאנְדבֶּעקֶען פוּן קוּפְּפֶער, אוּנְד זַיין פוּס פוּן קוּפְּפֶער, צוּ וַואשֶׁען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם זֶעצֶען צְווִישֶׁען דֶעם גֶע־צֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג, אוּנְד צְווִישֶׁען דֶעם אָפְּפֶער שְׁטוּהְל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אַרֵיין גִיסֶען וַואסֶער דָארְטֶען:

19 אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן זָאלֶען זִיךְ וַואשֶׁען אויס אִיהְם זַיירֶע הֶענְד אוּנְד זַיירֶע פִּיס:

20 וֶוען זַייא קוּמֶען אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג, זָאלֶען זַייא זִיךְ וַואשֶׁען מִיט וַואסֶער, אַז זַייא זָאלֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען, אָדֶער וֶוען זַייא גֶענֶעגֶען צוּ דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל, צוּ דִינֶען, צוּ דֶערְמְפֶען אַיין פַייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט:

21 אוּנְד זַייא זָאלֶען זִיךְ וַואשֶׁען זַיירֶע הֶענְד אוּנְד זַיירֶע פִּיס, אַז זַייא זָאלֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד עֶס זָאל זַיין צוּ אַיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ, צוּ אִיהְם אוּנְד צוּ זַיין זָאמֶען צוּ זַיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער:

22 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוי צוּ זָאגֶען:

23 אוּנְד דוּא, נֶעם צוּ דִיר דִיא פָאר־נֶעמְסטֶע גֶעוֶוערְץ, רֵיין גֶענֶגְלִיךְ פִּינְף הוּנְדֶערְט (שקלים), אוּנְד פוּן וָואהְל שְׁמֶעקֶענְדֶע צִימֶערִינְד זַיינֶע הֶעלְפְט, צְווייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְפְצִיג (שקלים) אוּנְד גֶעוֶוערְץ רֶעהְרֶען צְווייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְפְצִיג (שקלים):

24 אוּנְד קַאסְיָא פִינְף הוּנְדֶערְט (שקלים) נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ, אוּנְד אֵייל פוּן אֵיילְבֶּער אַיין הִין:

25 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דַארוֹיס מַאכֶען דָאס אֵייל צוּ דִיא הֵיילִיגֶע זַאלְבּוּנְג, גַאנְץ קִינְסְטלִיךְ גֶעמַאכְט, נָאךְ דִיא קוּנְסט נָאךְ פוּן דֶעם אַפָּאטֶעקֶער, עֶס זָאל זַיין אֵייל צוּ דִיא הֵיילִיגֶע זַאלְבּוּנְג:

26 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַאלְבֶּען מִיט אִיהְם דָאס גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְ־לוּנְג, אוּנְד דֶעם קַאסְטֶען פוּן דֶעם צֵייגְנִיס:

27 אוּנְד דֶעם טִישׁ אוּנְד אַלֶע זַיינֶע גֶעפֶעס, אוּנְד דֶעם לֵייכְטֶער אוּנְד זַיינֶע

גֶעפֶּעס, אוּנְד דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל פוּן
רויךְ וֶוערְק:

28 אוּנְד דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהל פוּן
בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד אַלֶע זַיינֶע גֶעפֶּעס
אוּנְד דֶעם הַאנְדבֶּעקֶען אוּנְד זַיין פוּס:

29 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַייא הֵיילִיגֶען,
אוּנְד זַייא זָאלֶען זַיין גַאנְץ הֵיילִיג,
אִיטְלִיכֶער וָואס רִיהְרְט זַייא אָן זָאל
זַיין הֵיילִיג:

30 אוּנְד דֶעם אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן
זָאלְסְטוּ זַאלְבֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַייא
הֵיילִיגֶען צוּ זַיין כֹּהֲנִים צוּ מִיר:

31 אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
זָאלְסְטוּ זָאגֶען, דָאס דָאזִיגֶע זָאל זַיין
צוּ מִיר דָאס אֵייל פוּן דִיא הֵיילִיגֶע
זַאלְבּוּנְג, צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער:

32 אוֹיף דֶעם פְלֵייש פוּן מֶענְשֶׁען זָאל
עֶס נִיט גֶעגָאסֶען וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְר
זָאלְט קֵיינֶעס נִיט מַאכֶען דֶערגְלֵייכֶען
אִין זַיינֶע צוּבֶּערֵייטוּנְג, דָאס אִיז
הֵיילִיג, עֶס זָאל צוּ אֵייךְ הֵיילִיג זַיין:

33 דֶער מֶענְשׁ וָואס וֶועט צוּבֶּערֵייטֶען
דֶערגְלֵייכֶען, אוּנְד וָואס וֶועט עֶס שְׁמִי־
רֶען אוֹיף אֵיין פְרֶעמְדֶען, אַזוֹי זָאל עֶר
פַארשְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן זַיין פָאלְק:

34 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
נֶעם צוּ דִיר גֶעוֶוערְץ, גוּמִי, אוּנְד
בַּאלְזַאם, אוּנְד אוּנִיכִי, אוּנְד גַאלְבַּאנוּם
גֶעוֶוערְץ, אוּנְד רֵיין וֵויירוֹיךְ, פוּן גְלֵייךְ
גֶעווִיכְט זָאל עֶס זַיין:

35 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דְרוֹיס מַאכֶען
קִינְסְטלִיךְ רוֹיךְ וֶוערְק, דָאס וֶוערְק פוּן
אַפָּאטֶעקֶער, וָואוֹיל גֶעמִישְׁט, רֵיין
אוּנְד הֵיילִיג:

36 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דַאפוּן צוּרֵייבֶּען
גַאנְץ דִין, אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען
דַאפוּן צוּ פַאר דֶעם צֵייגְנִים אִין דֶעם
גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג, וואו
אִיךְ וֶועל מִיט דִיר צוּזַאמֶענְקוּמֶען
דָארטֶען, עֶס זָאל גַאנְץ הֵיילִיג זַיין
צוּ אֵייךְ:

37 אוּנְד דָאס רוֹיךְ וֶוערְק, וָואס דוּא
וֶועסְט מַאכֶען נָאךְ זַיינֶע צוּבֶּערֵייטוּנְג,
זָאלְט אִיהְר נִיט מַאכֶען צוּ אֵייךְ, עֶס
זָאל צוּ דִיר הֵיילִיג זַיין, צוּ גָאט:

38 דֶער מַאן וָואס וֶועט מַאכֶען דֶער
גְלֵייכֶען עֶס צוּ שְׁמֶעקֶען, אַזוֹי זָאל
עֶר פַארשְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן זַיין פָאלְק:

## קאפיטעל לא

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

2 זֶעה אִיךְ הָאבּ גֶערוּפֶען מִיט נָאמֶען
דֶעם בְּצַלְאֵל, דֶער זוּהְן פוּן אוּרִי, דֶער
זוּהְן פוּן חוּר, פוּן שֵׁבֶט יְהוּדָה:

3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם דֶערפִילְט מִיט
דֶעם רוּחַ אֱלֹהִים, מִיט וֵוייזְהֵייט אוּנְד מִיט
פֶערשְׁטַאנְד אוּנְד מִיט וִויסֶענְשַׁאפְט,
אוּנְד מִיט אַלֶערְלֵייא וֶוערְק:

4 אוּים צוּ דֶענְקֶען קִינְסְטלִיךְ וֶוערְק,
צוּ אַרְבֵּייטֶען מִיט דֶעם גָאלְד אוּנְד מִיט
דֶעם זִילְבֶּער אוּנְד מִיט דֶעם קוּפְּפֶער:

5 אוּנְד אִין שְׁטֵיין שְׁנֵיידֶען צוּ דֶער
פִילֶען (אִין קַאסְטֶען), אוּנְד אִין הָאלְץ
שְׁנֵיידֶען, צוּ אַרְבֵּייטֶען אִין אַלֶערְלֵייא
וֶוערְק:

6 אוּנְד אִיךְ, זֶעה אִיךְ הָאבּ צוּ אִיהְם
גֶעגֶעבֶּען דֶעם אָהֳלִיאָב, דֶער זוּהְן פוּן
אַחִיסָמָךְ, פוּן דֶעם שֵׁבֶט דָן, אוּנְד אִין
דָאס הֶערְץ פוּן אִיטְלִיכֶען קְלוּג הֶערְ־
צִיגֶען הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען וֵוייזְהֵייט, אַז
זַייא זָאלֶען מַאכֶען אַלֶעס וָואס אִיךְ
הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען:

7 דָאס גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג,
אוּנְד דֶעם קַאסְטֶען פוּן דֶעם צֵייגְנִים,

אוּנְד דָאס אִיבֶּער דֶעקֶעל (כפרת)
וָואס אִיז אוֹיף אִיהְם, אוּנְד אַלֶע גֶעפֶּעס
פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט :
8 אוּנְד דֶעם טִישׁ אוּנְד זַיינֶע גֶעפֶּעס,
אוּנְד דֶעם רֵיינֶען לֵייכְטֶער אוּנְד אַלֶע
זַיינֶע גֶעפֶּעס, אוּנְד דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל
פוּן רוֹיךְ וֶוערְק :
9 אוּנְד דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל פוּן דֶעם
בְּרַאנְד אָפְּפֶער אוּנְד אַלֶע זַיינֶע גֶעפֶּעס,
אוּנְד דֶעם הַאנְדבֶּעקֶען אוּנְד זַיין פוּס :
10 אוּנְד דִיא דִינְסטקְלֵיידֶער, אוּנְד
דִיא הֵיילִיגֶע קְלֵיידֶער צוּ אַהֲרֹן דֶעם
כֹּהֵן, אוּנְד דִיא קְלֵיידֶער פוּן זַיינֶע זִיהְן
כֹּהֲנִים צוּ זַיין :
11 אוּנְד דָאס אֵייל פוּן דִיא זַאלְבּוּנְג,
אוּנְד דָאס רוֹיךְ וֶוערְק פוּן וָואהְלשְׁמֶעקֶענְדֶע גֶעוֶוערְץ צוּ דִיא הֵיילִיגְקֵייט,
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ
דִיר גֶעבָּאטֶען זָאלֶען זַייא מַאכֶען :
12 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
13 אוּנְד דוּא, רֵייד צוּ דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל צוּ זָאגֶען, אוֹיךְ מֵיינֶע שַׁבָּתִים
זָאלְט אִיהְר הִיטֶען, דֶען דָאס אִיז אַ
צֵייכֶען צְוִוישֶׁען מִיר אוּנְד צְוִוישֶׁען אֵייךְ
צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, צוּ וִויסֶען אַז
אִיךְ בִּין גָאט וָואס הֵיילִיגְט אֵייךְ :
14 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען דֶעם שַׁבָּת
וַוייל עֶר אִיז הֵיילִיג צוּ אֵייךְ, וֶוער עֶס
פֶערשְׁוֶועכְט אִיהְם זָאל גֶעוִוים גֶעטוֹיטֶעט
וֶוערֶען, דֶען אִיטְלִיכֶער וָואס טְהוּט
אַרְבֵּייט אָן אִיהְם, אַזוֹי זָאל דִיא זֶעלְבֶּע
זֶעלֶע פַארשְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן צְוִוישֶׁען
אִיהְר פָאלְק :
15 זֶעקְס טֶעג זָאל אַרְבֵּייט גֶעטְהוּן
וֶוערֶען, אָבֶּער אָן דֶעם זִיבְּטֶען טָאג
אִיז שַׁבָּת, אֵיינֶע הֵיילִיגֶע רוּהוּנְג צוּ
גָאט, אִיטְלִיכֶער וָואס טְהוּט אַרְבֵּייט
אָן דֶעם שַׁבָּת טָאג זָאל גֶעוִוים גֶעטוֹי־
טֶעט וֶוערֶען :
16 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלֶען
הִיטֶען דֶעם שַׁבָּת, צוּ מַאכֶען דֶעם
שַׁבָּת צוּ זַיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער אֵיין
אֵייבִּיגֶען בּוּנְד :
17 צְוִוישֶׁען מִיר אוּנְד צְוִוישֶׁען דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, דָאס אִיז אַ צֵייכֶען צוּ
אֵייבִּיגְקֵייט, וַוייל אִין זֶעקְס טֶעג הָאט
גָאט גֶעמַאכְט דִיא הִימֶעל אוּנְד דִיא
עֶרְד, אוּנְד אָן דֶעם זִיבְּטֶען טָאג הָאט
עֶר גֶערוּהְט, אוּנְד הָאט זִיךְ דֶערקְוִויקְט :
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ מֹשֶׁה
אַז עֶר הָאט פוּלֶענְט צוּ רֵיידֶען מִיט
אִיהְם, אוֹיף דֶעם בַּארְג סִנַי, צְוֵוייא לֻחֹת
פוּן דֶעם צֵייגְנִיס, שְׁטֵיינֶערְנֶע לֻחֹת,
גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט דֶעם פִינְגֶער פוּן גָאט :

קאפיטעל לב.

א אוּנְד וֶוען דָאס פָאלְק הָאט גֶעזֶעהֶען
אַז מֹשֶׁה הָאט זִיךְ גֶעזוֹימְט אַרָאפּצוּגֵי־
דֶערְן פוּן דֶעם בַּארְג, אַזוֹי הָאט זִיךְ דָאס
פָאלְק פֶערזַאמֶעלְט צוּ אַהֲרֹן, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אוֹיף,
מַאךְ צוּ אוּנְס גֶעטֶער, וָואס זָאלֶען גֵיין
צוּ פַאר אוּנְס, דֶען דֶער דָאזִיגֶער מֹשֶׁה,
דֶער מַאן וָואס הָאט אוּנְס אַרוֹיף גֶע־
בְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, מִיר
וִויסֶען נִיט וָואס אִיז גֶעוָוארֶען צוּ
אִיהְם :
2 אוּנְד אַהֲרֹן הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַייא.
לֵייגְט אָב דִיא גָאלְדֶענֶע רִינְגֶען וָואס
זֶענֶען אִין דִיא אוֹירֶען פוּן אֵיירֶע וַוייבֶּער
פוּן אֵיירֶע זִיהְן אוּנְד פוּן אֵיירֶע טֶעכְ־
טֶער, אוּנְד בְּרֶענְגְט זַייא צוּ מִיר :
3 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט פוּן
זִיךְ אָפְּגֶעלֵייגְט דִיא גָאלְדֶענֶע רִינְגֶען,



וואס

וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין זֵייעֶרֶע אוֹירֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּרַאכְט
צוּ אַהֲרֹן:
4 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶענוּמֶען פוּן זֵייעֶר
הַאנְד אוּנְד, עֶר הָאט עֶס גֶעצֵייכֶענְט
מִיט אַ גְרִיפֶעל, אוּנְד עֶר הָאט פוּן
דֶעם גֶעמַאכְט אַ גֶעגָאסֶענֶעס קַאלְבּ, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען
דֵיינֶע גֶעטֶער, יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאבֶּען
דִיךְ אַרוֹיסגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם:
5 אוּנְד וֶוען אַהֲרֹן הָאט עֶס גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי
הָאט עֶר גֶעבּוֹיט אַיין מִזְבֵּחַ צוּ פַאר
אִיהְם, אוּנְד אַהֲרֹן הָאט אוֹיסגֶערוּפֶען
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מָארְגֶען אִיז אַיין
פֵייעֶרְטָאג צוּ גָאט:
6 אוּנְד זֵייא זֶענֶען פְרִיא אוֹיפְגֶעשְׁטַא־
נֶען אִין דֶעם מָארְגֶען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעאָפְּפֶערְט בְּרַאנְד אָפְּפֶער,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענֶעהנְט פְרִיד אָפְּ־
פֶער, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ
גֶעזֶעצְט צוּ עֶסֶען אוּנְד צוּ טְרִינְקֶען,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען צוּ
שְׁפִּילֶען:
7 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה,
גֵייא, נִידֶער אַרָאפּ, דֶען דֵיין פָאלְק
וָואס דוּא הָאסְט אַרוֹיף גֶעבְּרַאכְט פוּן
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם הָאט זִיךְ פֶערְדָארְבֶּען:
8 זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁווִינְט אָבְּגֶעקֶערְט
פוּן דֶעם וֶועג וָואס אִיךְ הָאבּ זֵייא
גֶעבָּאטֶען, זֵייא הָאבֶּען צוּ זִיךְ גֶעמַאכְט
אַיין גֶעגָאסֶענֶעס קַאלְבּ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעאָפְּפֶערְט צוּ אִיהְם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דֵיינֶע
גֶעטֶער יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאבֶּען דִיךְ אַרוֹיס
גֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:

9 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק,
אוּנְד נוּן עֶס אִיז אַיין הַארְטְנֶעקִיגֶעס
פָאלְק:
10 אוּנְד אַצוּנְד לָאז מִיךְ צוּ רוּה, אַז
מֵיין צָארְן זָאל דֶערגְרִימֶען אִיבֶּער זֵייא,
אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא פֶערְטִילְגֶען, אוּנְד
אִיךְ וֶועל דִיךְ מַאכֶען צוּ אַיין גְרוֹיס
פָאלְק:
11 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ
פַאר דֶעם הַאר זֵיין גָאט, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, פַאר וָואס, אָ גָאט זָאל
דֵיין צָארְן דֶערגְרִימֶען אִיבֶּער דֵיין פָאלְק
וָואס דוּא הָאסְט אַרוֹיסגֶעבְּרַאכְט פוּן
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם מִיט גְרוֹיסֶע קְרַאפְט
אוּנְד מִיט אַיינֶע שְׁטַארְקֶע הַאנְד?
12 פַאר וָואס זָאלֶען דִיא מִצְרִים זָאגֶען
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶועגֶען בֵּייזֶעס הָאט עֶר
זֵייא אַרוֹיסגֶעבְּרַאכְט, זֵייא צוּ דֶערשְׁלָא־
גֶען אִין דִיא גֶעבִּירְגֶע, אוּנְד זֵייא צוּ
פֶערְטִילְגֶען פוּן דֶעם אָנְגֶעזִיכְט פוּן
דֶער עֶרְד? לָאז אָבּ פוּן דֵיין גְרִימְצָארְן,
אוּנְד בֶּעדֶענְק דִיךְ אִיבֶּער דָאס שְׁלֶעכְטֶע
גֶעגֶען דֵיין פָאלְק:
13 גֶעדֶענְק דֶעם אַבְרָהָם, דֶעם יִצְחָק,
אוּנְד דֶעם יִשְׂרָאֵל, דֵיינֶע קְנֶעכְט וָואס
דוּא הָאסְט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ זֵייא בֵּייא
דִיר, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט צוּ זֵייא,
אִיךְ וֶועל מֶעהרֶען דֵיינֶע זָאמֶען אַזוֹי
וִויא דִיא שְׁטֶערֶען פוּן הִימֶעל, אוּנְד
דָאס דָאזִיגֶע גַאנְצֶע לַאנְד וָואס אִיךְ
הָאבּ צוּגֶעזָאגְט, וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען צוּ אַייעֶר
זָאמֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען עֶס עֶרְבֶּען צוּ
אֵייבִּיגְקֵייט:
14 אוּנְד גָאט הָאט זִיךְ בֶּעדַאכְט
אִיבֶּער דָאס שְׁלֶעכְטֶע וָואס עֶר הָאט
גֶעדֶענְקט צוּ טְהוּן צוּ זֵיין פָאלְק:

15 אוּנְד משֶׁה הָאט זִיךְ אָבְּגֶעקֶעהְרְט
אוּנְד הָאט אַרָאבְּגֶענִידֶערְט פוּן דֶעם
בַּארְג, אוּנְד דִיא צְוֵויא לֻחֹת פוּן דֶעם
צֵייגְנִיס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין זֵיינֶע הַאנְד,
דִיא לֻחֹת גֶעשְׁרִיבֶּען פוּן זֵיירֶע בֵּיידֶע
זֵייטֶען, פוּן יֶענֶער אוּנְד דִיזֶער זֵייט
זֶענֶען זֵייא גֶעוֶועזֶען גֶעשְׁרִיבֶּען׃
16 אוּנְד דִיא לֻחֹת זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא
אַרְבֵּייט פוּן גָאט, דָאס שְׁרֵייבֶּען אִיז
גֶעוֶועזֶען דָאס שְׁרֵייבֶּען פוּן גָאט, אֵיינְ־
גֶעקְרִיצְט אוֹיף דִיא לֻחֹת׃
17 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעהֶערְט דִיא
שְׁטִים פוּן דֶעם פָאלְק אִין זֵיין שַׁאלֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ משֶׁה, עֶס
אִיז אַ שְׁטִים פוּן קְרִיג אִין דֶעם לַאגֶער׃
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז
נִיט דִיא שְׁטִים פוּן דֶעם גֶעשְׁרֵייא פוּן
שְׁטַארְקְהֵייט, אוּנְד עֶס אִיז נִיט דִיא
שְׁטִים פוּן דֶעם גֶעשְׁרֵייא פוּן שְׁוַואכְ־
הֵייט, אִיךְ הֶער אֵיינֶע שְׁטִים פוּן גֶעזַאנְג׃
19 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז עֶר
הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ דֶעם לַאגֶער,
אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען דָאס קַאלְבּ
אוּנְד דָאס טַאנְצֶען, אוּנְד דֶער צָארְן פוּן
משֶׁה הָאט דֶערְגְרִימְט, אוּנְד עֶר הָאט
אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען דִיא צְוֵויא לֻחֹת פוּן
זֵיינֶע הֶענְד, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא צוּ־
בְּרָאכֶען אוּנְטֶער דֶעם בַּארְג׃
20 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דָאס קַאלְבּ
וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט אוּנְד עֶר
הָאט עֶס פֶערְבְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר, אוּנְד
עֶר הָאט עֶס צוּמָאלְט בִּיז עֶס אִיז וָועהְר
דִין גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט עֶס פֶער־
שְׁפְּרֵייט אוֹיף דֶעם וַואסֶער, אוּנְד עֶר
הָאט אָנְגֶעטְרוּנְקֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃
21 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַהרן,
וָואס הָאט דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק דִיר
גֶעטְהוּן, דָאס דוּא הָאסְט גֶעבְּרַאכְט
אוֹיף אִיהְם אֵיינֶע גְרוֹיסֶע זִינְד׃
22 אוּנְד אַהֲרֹן הָאט גֶעזָאגְט דֶער
צָארְן פוּן מֵיין הַאר זָאל נִיט דֶערְגְרִימֶען,
דוּא קֶענְסְט דָאס פָאלְק אַז עֶס אִיז
שְׁלֶעכְט׃
23 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
מַאךְ צוּ אוּנְס גֶעטֶער וָואס זֵייא זָאלֶען
גֵיין פַאר אוּנְס, דֶען דֶער דָאזִיגֶער משֶׁה,
דֶער מַאן וָואס הָאט אוּנְס אַרוֹיסְגֶע־
בְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, מִיר
ווייסֶען נִיט וָואס אִיז גֶעוָוארֶען צוּ אִיהְם׃
24 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וֶוער עֶס הָאט גָאלְד דֶער זָאל עֶס פוּן זִיךְ
אָפְּלֵייגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט
צוּ מִיר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעוָוארְפֶען
אִין דָאס פֵייעֶר, אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע
קַאלְבּ אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען׃
25 אוּנְד וֶוען משֶׁה הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס
פָאלְק אַז עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיפְגֶעדֶעקְט,
דֶען אַהֲרֹן הָאט זֵייא אוֹיפְגֶעדֶעקְט צוּ
אֵיין שַׁאנְד אוּנְטֶער זֵיירֶע פֵיינְד׃
26 אוּנְד אַזוֹי הָאט זִיךְ משֶׁה גֶעשְׁטֶעלְט
בֵּייא דֶעם טְהָאר פוּן דֶעם לַאגֶער, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער עֶס אִיז צוּ גָאט
דֶער זָאל קוּמֶען צוּ מִיר, אוּנְד עֶס
הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט צוּ אִיהְם אַלֶע
קִינְדֶער לֵוִי׃
27 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל, טְהוּט אִיטְלִיכֶער זֵיין שְׁוֶוערְט
אוֹיף זֵיין דִיכְט, גֵייט אַהִין אוּנְד קֶעהְרְט
צוּרִיק פוּן אֵיין טְהָאר צוּ דֶעם אַנְדֶערְן
טְהָאר אִין דֶעם לַאגֶער, אוּנְד דֶערשְׁ־
לָאגְט אִיטְלִיכֶער זֵיין בְּרוּדֶער אוּנְד
אִיטְלִיכֶער זֵיין גֶעזֶעל אוּנְד אִיטְלִיכֶער
זֵיין נָאהֶענְטֶען׃

28 אוּנְד דִיא קִינְדֶער לֵוִי הָאבֶּען גֶעטְהוּן גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס וָוארְט פוּן מֹשֶׁה, אוּנְד עֶס אִיז גֶעפַאלֶען פוּן דֶעם פָאלְק אָן דֶעמזֶעלְבִּיגֶען טָאג וִויא דְרֵייא טוֹיזֶענְד מַאן:

29 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט דֶערפִילְט אֵיירֶע הֶענְד הַייטֶע צוּ גָאט, אַז אִיטְלִיכֶער זָאל זַיין קֶעגֶען זַיין זוּהְן אוּנְד קֶעגֶען זַיין בְּרוּדֶער, אוּנְד עֶס וֶועט אֵייךְ הַיינְט אַ בְּרָכָה גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען:

30 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אָן דֶעם אַנְדֶערְן טָאג, אַזוֹי הָאט מֹשֶׁה גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, אִיהְר הָאט גֶעזִינְדִיגְט אֵיינֶע גְרוֹיסֶע זִינְד, אוּנְד אַצוּנְד וֶועל אִיךְ אַרוֹיף גֵיין צוּ גָאט, פִילֵייכְט וֶועל אִיךְ מְכַפֵּר זַיין פַאר אֵיירֶע זִינְד:

31 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט צוּרִיק גֶעקֶעהְרְט צוּ גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט, דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק הָאט גֶעזִינְדִיגְט אֵיינֶע גְרוֹיסֶע זִינְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט גֶעטֶער פוּן גָאלְד:

32 אוּנְד אַצוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט פַארְגֶעבֶּען זֵיירֶע זִינְד, אוּנְד וֶוען נִיט, מֶעק מִיךְ אָפּ, אִיךְ בֶּעט, פוּן דֵיין בּוּךְ וָואס דוּא הָאסְט גֶעשְׁרִיבֶּען:

33 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, דֶער וָואס הָאט גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען מִיר דֶעם וֶועל אִיךְ אָפְּמֶעקֶען פוּן מֵיין בּוּךְ:

34 אוּנְד אַצוּנְד גֵייא פִיהְר אַהִין דָאס פָאלְק וְואוּ אַהִין אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶערֶעט, זֶעה, מֵיין מַלְאָךְ זָאל גֵיין צוּ פַאר דִיר, אוּנְד אִין דֶעם טָאג אַז אִיךְ וֶועל גֶעדֶענְקֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ גֶעדֶענְקֶען אוֹיף זֵייא זֵיירֶע זִינְד:

35 אוּנְד גָאט הָאט גֶעפְּלָאגְט דָאס פָאלְק, פוּן וֶועגֶען וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט דָאס קַאלְבּ, וָואס אַהֲרֹן הָאט גֶעמַאכְט:

## קאַפִּיטֶעל לג

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה גֵייא אַרוֹיף פוּן דַאנֶען, דוּא אוּנְד דָאס פָאלְק וָואס דוּא הָאסְט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, צוּ דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁוָוארֶען צוּ אַבְרָהָם, צוּ יִצְחָק אוּנְד צוּ יַעֲקֹב, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, צוּ דֵיין זָאמֶען וֶועל אִיךְ עֶס גֶעבֶּען:

2 אוּנְד אִיךְ וֶועל שִׁיקֶען צוּ פַאר דִיר אַ מַלְאָךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְטְרַייבֶּען דֶעם כְּנַעֲנִי, דֶעם אֱמֹרִי, דֶעם חִתִּי, אוּנְד דֶעם פְּרִזִּי, דֶעם חִוִּי אוּנְד דֶעם יְבוּסִי:

3 צוּ אַ לַאנְד וָואס פְלִיסְט מִיט מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג, דֶען אִיךְ וֶועל נִיט אוֹיפְגֵיין אִין צְוִוישֶׁען דִיר, דֶען דוּא בִּיסְט אַיין הַארְט־נֶעקִיגֶעס פָאלְק, טָאמֶער וֶועל אִיךְ דִיךְ פֶערְדַארְבֶּען אוֹיף דֶעם וֶועג:

4 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעהֶערְט דָאס דָאזִיגֶע בֵּייזֶע וָוארְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעטְרוֹיעֶרְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט אָנְגֶעטְהוּן אִיטְלִיכֶער זַיין צִירוּנְג אוֹיף זִיךְ:

5 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה זָאג צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אִיהְר זַייט אַיין הַארְט־נֶעקִיגֶעס פָאלְק, אִין אַיין אוֹיגֶענְבְּלִיק וֶועל אִיךְ אוֹיפְגֵיין פוּן צְוִוישֶׁען דִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ פֶערְטִילְגֶען, אוּנְד אַצוּנְד טְהוּ אָפּ דֵיין צִירוּנְג פוּן דִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל וִויסֶען וָואס אִיךְ זָאל טְהוּן צוּ דִיר:

6 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אָפְּגֶעלֵייגְט זֵיירֶע צִירוּנְג בֵּייא דֶעם בַּארְג חֹרֵב:

7 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען דָאס גֶעצֶעלְט אוּנְד עֶר הָאט עֶס אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיסֶענְוֵוייניג צוּ דֶעם לַאגֶער, וַוייט

פוּן דֶעם לַאגֶער, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶערוּפֶען דָאס גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט גֶעפְרֶעגְט בֵּייא גָאט אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיסֶענְוֶוייניג צוּ דֶעם לַאגֶער:

8 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז משֶׁה אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט, אִיז דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אוֹיפגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין אִיטְלִיכֶער אִין דִיא טִיהְר פוּן זֵיין גֶעצֶעלְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעקוּקְט נָאךְ משֶׁה בִּיז עֶר אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם גֶעצֶעלְט:

9 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז משֶׁה אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם גֶעצֶעלְט הָאט דִיא וָואלְקֶען־זֵייל אַרָאפּגֶענִידֶערְט, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶער טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט מִיט משֶׁה:

10 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא וָואלְקֶען־זֵייל אַז זִיא אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶער טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז אוֹיפגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט אִיטְלִיכֶער בֵּייא דֶער טִיר פוּן זֵיין גֶעצֶעלְט:

11 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה אַנְגֶעזִיכְט צוּ אָנְגֶעזִיכְט, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אֵיין מַאן רֶעט צוּ זֵיין גֶעזֶועלֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּרִיקְגֶעקֶערְט צוּ דֶעם לַאגֶער אוּנְד זֵיין דִינֶער יְהוֹשֻׁעַ דֶער זוּהְן פוּן נוּן, אֵיין יוּנְג, אִיז נִיט אָבְּגֶעוִויכֶען פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט:

12 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט, זֶעה, דוּא הָאסְט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בְּרֶענְג אַרוֹיף דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק, אוּנְד דוּא הָאסְט מִיר נִיט בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט וֶועמֶען דוּא וֶועסְט שִׁיקֶען מִיט מִיר, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ דִיךְ דֶערְקֶענְט מִיט דֶעם נָאמֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט אוֹיךְ גֶעפוּנֶען גְנָאד אִין מֵיינֶע אוֹיגֶען:

13 אוּנְד אַצוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען גְנָאד אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, לָאז מִיךְ וִויסֶען, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, דֵיין וֶועג, אַז אִיךְ זָאל דִיךְ קֶענֶען, פוּן וֶועגֶען אַז אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען גְנָאד אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד זֶעה, אַז דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק אִיז דֵיין פָאלְק:

14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין אָנְגֶעזִיכְט זָאל גֵייןֹ, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ רוּהֶען לָאזֶען:

15 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט וֶוען דֵיין אָנְגֶעזִיכְט וֶועט נִיט גֵיין, בְּרֶענְג אוּנְס נִיט אַרוֹיף פוּן דַאנֶען:

16 אוּנְד מִיט וָואס זָאל עֶס דֶערְקֶענְט וֶוערֶען, אַז אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען גְנָאד אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, אִיךְ אוּנְד דֵיין פָאלְק, אִיז עֶס נִיט וֶוען דוּא גֵייסְט מִיט אוּנְס? אַז מִיר זָאלֶען אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט זֵיין, אִיךְ אוּנְד דֵיין פָאלְק פוּן אִיטְלִיכֶעם פָאלְק וָואס אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד:

17 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ משֶׁה, אוֹיךְ דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ וָואס דוּא הָאסְט גֶערֶעט וֶועל אִיךְ טְהוּן, דֶען דוּא הָאסְט גֶעפוּנֶען גְנָאד אִין מֵיינֶע אוֹיגֶען אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ דֶערְקֶענְט מִיט דֶעם נָאמֶען:

18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לָאז מִיךְ זֶעהֶען, אִיךְ בֶּעט, דֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט:

19 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל לָאזֶען אִיבֶּערפָאהְרֶען אַלֶע מֵיינֶע גִיטִיגְקֵייט פַאר דֵיין אָנְגֶעזִיכְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל אָנְרוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט

פַאר דִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעגְנַאדִיגֶען
וֶועמֶען אִיךְ וֶועל בֶּעגְנַאדִיגֶען אוּנְד אִיךְ
וֶועל מִיךְ דֶערבַּארְמֶען אִיבֶּער וֶועמֶען
אִיךְ וֶועל מִיךְ דֶערבַּארְמֶען׃
20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם,
דוּא קֶענְסְט נִיט זֶעהֶען מַיין אָנְגֶעזִיכְט,
ווייל קֵיין מֶענְשׁ קֶען מִיךְ נִיט זֶעהֶען
אוּנְד לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען׃
21 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, עֶס
אִיז אַיין אָרְט בֵּייא מִיר, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט שְׁטֵיין אוֹיף דֶעם פֶעלְז׃
22 עֶס וֶועט זַיין וֶוען מַיינֶע הֶערְלִיכְ־
קַייט וֶועט אִיבֶּערְפָארֶען אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיךְ
שְׁטֶעלֶען אִין דֶעם שְׁפַּאלְט פוּן דֶעם פֶעלְז,
אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעדֶעקֶען מַיינֶע הַאנְד
אוֹיף דִיר, בִּיז אִיךְ בִּין אִיבֶּערגֶעפָארֶען׃
23 אוּנְד אִיךְ וֶועל אַוֶועקְנֶעמֶען מַיינֶע
הַאנְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מִיךְ זֶעהֶען
פוּן הִינְטֶען, אָבֶּער מַיין אָנְגֶעזִיכְט זָאל
נִיט גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען׃

קַאפִּיטֶעל לד

א אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, הַאק
אוֹיס צוּ דִיר צְוֵוייא טָאפְלֶען (לֻחֹת) פוּן
שְׁטֵיין, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דִיא עֶרְשְׁטֶע,
אוּנְד אִיךְ וֶועל שְׁרַייבֶּען אוֹיף דִיא
טָאפְלֶען דִיא וֶוערְטֶער וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אוֹיף דִיא עֶרְשְׁטֶע טָאפְלֶען,
וָואס דוּא הָאסְט צוּבְּרָאכֶען׃
2 אוּנְד זַייא אָנְגֶעבְּרֵייט אוֹיף דֶעם
מָארְגֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אַרוֹיף גֵיין
אִין דֶעם מָארְגֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ שְׁטֶעלֶען בֵּייא
מִיר דָארְטֶען אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן
דֶעם בַּארְג׃
3 אוּנְד קֵיין מֶענְשׁ זָאל נִיט אַרוֹיף
גֵיין מִיט דִיר, אוֹיךְ קֵיין מֶענְשׁ זָאל
נִיט גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען אוֹיף דֶעם גַאנְצֶען
בַּארְג, אוֹיךְ קֵיין שָׁאף אוֹיךְ קֵיינֶע
רִינְדֶער זָאל נִיט ווֵיידֶען קֵיגֶען אִיבֶּער
דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען בַּארְג׃
4 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעהַאקְט צְוֵוייא
טָאפְלֶען פוּן שְׁטֵיין, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא
דִיא עֶרְשְׁטֶע, אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען אִין דֶעם מָארְגֶען, אוּנְד עֶר
אִיז אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג
סִינַי, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט אִיהְם
גֶעבָּאטֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען אִין
זַיין הַאנְד דִיא צְוֵוייא טָאפְלֶען פוּן שְׁטֵיין׃
5 אוּנְד גָאט הָאט אַרָאפְּגֶענִידֶערְט אִין
דֶעם וָואלְקֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען
מִיט אִיהְם דָארְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט
אָנְגֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן יְהוָֹה׃
6 אוּנְד גָאט אִיז אִיבֶּערגֶעפָארֶען בֵּייא
זַיין אָנְגֶעזִיכְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען,
גָאט, גָאט, בַּארְמְהֶערְצִיגֶער אוּנְד גְנֶע־
דִיגֶער גָאט, לַאנְגְזַאם צוּ דֶערְצֶערְנֶען,
אוּנְד גְרוֹיס אִין דֶערבַּארְמוּנְג אוּנְד
וָואהְרְהַייט׃
7 וָואס הַאלְט דֶערבַּארְמוּנְג צוּ טוֹי־
זֶענְדֶע, וָואס פַארְטְרָאגְט אוּנְגֶערֶעכְטִיקֵייט
אוּנְד דִיא מוּטְוִוילִיקֵייט אוּנְד דִיא זִינְד,
אוּנְד עֶר לָאזְט נִיט פְרֵייא, עֶר גֶעדֶענְקְט
דִיא זִינְד פוּן דִיא פֶעטֶער אוֹיף דִיא
קִינְדֶער, אוּנְד אוֹיף דִיא קִינְדֶערְס
קִינְדֶער, בִּיז צוּ דֶעם דְרִיטֶען אוּנְד
פִירְטֶען גֶעשְׁלֶעכְט׃
8 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט זִיךְ גֶעשְׁווִינְד
גֶענֵייגְט צוּ דִיא עֶרְד, אוּנְד עֶר הָאט
זִיךְ גֶעבּוּקְט׃
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען נוּן
אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען גְנָאד אִין דֵיינֶע
אוֹיגֶען, הַאר! לָאז נוּן דֶער הַאר גֵיין
צְווִישֶׁען אוּנְס, ווייל עֶס אִיז אַיין הַארְט
גֶענַאקִיגֶעס פָאלְק, אוּנְד דוּא וֶועסְט


פארגעבען

פאַרגעבען אונזערע איבערטרעטונג אונד אונזערע זינד, אונד דוא זאָלסט אונס מאַכען צו דיין ערבטייל:

10 אונד ער האָט געזאָגט, זעה, איך פאַרשנייד איין בונד פאַר דעם גאַנצען פאָלק, איך וועל טהון וואונדער, וואס זענען ניט באַשאַפען געוואָרען אין דיא גאַנצע ערד, אונד אונטער אַלע פעלקער, אונד דאָס גאַנצע פאָלק, וואס דוא ביסט צווישען איהם, זאָל זעהען דאָס ווערק פון גאָט, אַז דאָס איז פורכטבאַר וואס איך טהוא מיט דיר:

11 היט צו דיר אַלעס וואס איך האָב דיר געבאָטען היינט. זעה, איך וועל פאַרטרייבען פון פאַר דיר דעם אמורי, אונד דעם כנעני, אונד דעם חתי, אונד דעם פרזי, אונד דעם חוי, אונד דעם יבוסי:

12 היט דיך אַז דוא זאָלסט ניט מאַכען קיין בונד מיט דעם איינוואוינער פון דעם לאַנד וואס דוא קומסט דרויף, אַז ער זאָל ניט זיין צו איין שטרויכלינג אין צווישען דיר:

13 נייערט זייערע אָפּפער שטוהלען זאָלט איהר צערוואַרפען, אונד זייערע שטאַנד־זיילען זאָלט איהר צוברעכען, אונד איהר זאָלט אָפּהאַקען זייערע וועלדער:

14 דען דוא זאָלסט דיך ניט בוקען צו איין פרעמדען גאָט, וויל יהוה דאַבעריגער איז זיין נאָמען, ער איז איין דאַבעריגער גאָט:

15 פיליכט מעכטעסט דוא פאַרשניידען איין בונד מיט דעם איינוואוינער פון דעם לאַנד, אונד זייא מעכטען מזנה זיין נאָך זייערע געטער, אונד אָפּפערען צו זייערע געטער, אונד מען ווערט דיך רופען, אונד דוא וועסט עסען פון זיינע אָפּפער:

16 אונד דוא וועסט נעמען פון זיינע טעכטער צו דיינע זיהן, אונד זיינע טעכטער וועלען מזנה זיין נאָך זייערע געטער, אונד זייא וועלען מאַכען מזנה זיין דיינע זיהן נאָך זייערע געטער:

17 דוא זאָלסט ניט מאַכען צו דיר קיינע געגאָסענע געטער:

18 דיא פייערטעג פון מצות זאָלסט דוא היטען, זיבען טעג זאָלסט דוא עסען מצות, וואס איך האָב דיר געבאָטען צו דיא בעשטימטע צייט, אַם חדש אביב, דען אין דעם חדש אביב ביסט דוא אַרויסגעגאַנגען פון מצרים:

19 אַלעס וואס עפענט דיא געבערמוטער איז צו מיר, אונד דיין גאַנצעס פיך וואס איז מענליך, וואס איז איינע עפנונג, אָקס אָדער לאַם:

20 אונד דיא עפנונג פון איין אייזעל, זאָלסט דוא אויסלייזען מיט איין לאַם, אונד ווען דוא וועסט עס ניט אויסלייזען, אַזוי זאָלסט דוא ברעכען זיין געניק, איטליכען בכור פון דיינע זיהן זאָלסט דוא אויסלייזען, אונד מיין אָנגעזיכט זאָל ניט געזעהען ווערען לידיג:

21 זעקס טעג זאָלסט דוא אַרבייטען, אָבער אָן דעם זיבעטען טאָג זאָלסט דוא רוהען, מיט אַקערען אונד מיט שניידען זאָלסט דוא רוהען:

22 אונד דיא פייערטעג פון שבועות זאָלסט דוא מאַכען צו דיר, דיא ערשטע פרוכט פון ווייץ שניט, אונד דיא פייערטעג פון איינזאַמלונג, דעם אויסגאַנג פון דעם יאָהר:

23 דרייא מאָל אין דעם יאָהר זאָל איטליכער פון דיינע מאַנס־פערזאָנען

זִיךְ וַוייזֶען צוּ פַאר דֶעם הַאר גָאט, דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל:

24 דֶען אִיךְ וֶועל פֶערטְרֵייבֶּען דִיא פֶעלְקֶער פוּן פַאר דִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל בְּרֵייט מַאכֶען דֵיינֶע גְרֶענֶעץ, אוּנְד קֵיין מֶענְשׁ זָאל נִיט בַּאגֶעהְרֶען דֵיין לַאנְד, וֶוען דוּא גֵייסְט אַרוֹיף דִיךְ צוּ ווֵייזֶען פַאר דֶעם הַאר, דֵיין גָאט, דְרֵייא מָאל אִין דֶעם יָאהְר:

25 דוּא זָאלְסְט נִיט שֶׁעכְטֶען (אָפְּפֶערְן) מִיט חָמֵץ דָאס בְּלוּט פוּן מֵיין אָפְּפֶער, אוּנְד דָאס אָפְּפֶער פוּן דִיא פֵייעֶרְטֶעג פוּן פֶּסַח (קָרְבַּן פֶּסַח) זָאל נִיט אִיבֶּער נֶעכְטִיגֶען בִּיז מָארְגֶען:

26 דִיא עֶרְשְׁטֶע פְּרוּכְט פוּן דֵיין לַאנְד זָאלְסְט דוּא בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט, דוּא זָאלְסְט נִיט קָאכֶען אֵיין בֶּעקֶעל אִין דִיא מִילְךְ פוּן זֵיינֶע מוּטֶער:

27 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, שְׁרֵייבּ צוּ דִיר דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער, ווֵייל דוּרְךְ דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער הָאבּ אִיךְ גֶעמַאכְט אֵיין בּוּנְד מִיט דִיר אוּנְד מִיט יִשְׂרָאֵל:

28 אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דָארְטֶען מִיט גָאט פֶערְצִיג טֶעג אוּנְד פֶערְצִיג נֶעכְט, בְּרוֹיט הָאט עֶר נִיט גֶעגֶעסֶען, אוּנְד וַואסֶער הָאט עֶר נִיט גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף דִיא טָאפְּלֶען דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם בּוּנְד, דִיא צֶעהְן וֶוערְטֶער:

29 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז מֹשֶׁה הָאט אַרָאפְּגֶענִידֶערְט פוּן דֶעם בַּארְג סִינַי, אוּנְד דִיא צְווייא טָאפְּלֶען פוּן דֶעם צֵייגְנִיס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶער הַאנְד פוּן מֹשֶׁה, אַז עֶר הָאט אַרָאפּ גֶענִידֶערְט פוּן דֶעם בַּארְג, אַזוֹי הָאט מֹשֶׁה נִיט גֶעווְאוּסְט אַז דִיא הוֹיט פוּן זֵיין אָנְגֶעזִיכְט הָאט גֶעלֵייכְטֶעט אַז עֶר הָאט גֶערֶעט מִיט אִיהְם:

30 אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד אַלֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם מֹשֶׁה, אוּנְד זֶעה, דִיא הוֹיט פוּן זֵיין אָנְגֶעזִיכְט הָאט גֶעלֵייכְטֶעט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען צוּ גֶענֶעהֶנֶען צוּ אִיהְם:

31 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערוּפֶען צוּ זֵייא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּרִיקגֶעקֶעהְרְט צוּ אִיהְם, אַהֲרֹן אוּנְד אַלֶע עֶלְצְטֶע פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערֶעט מִיט זֵייא:

32 אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאבֶּען גֶענֶעהְנְט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעבָּאטֶען אַלֶעס וָואס גָאט הָאט גֶערֶעט מִיט אִיהְם אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי:

33 אוּנְד וֶוען מֹשֶׁה הָאט גֶעעֶנְדִיגְט צוּ רֶעדֶען מִיט זֵייא, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעלֵייגְט אֵיין דֶעק אוֹיף זֵיין אָנְגֶעזִיכְט:

34 אוּנְד וֶוען מֹשֶׁה אִיז גֶעקוּמֶען צוּ פַאר גָאט צוּ רֶעדֶען מִיט אִיהְם, הָאט עֶר אָבְּגֶעטְהוּן דִיא דֶעק בִּיז עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶערֶעט צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וָואס אִיז אִיהְם גֶעבָּאטֶען גֶעוָוארֶען:

35 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס אָנְגֶעזִיכְט פוּן מֹשֶׁה אַז דִיא הוֹיט פוּן דֶעם אָנְגֶעזִיכְט פוּן מֹשֶׁה הָאט גֶעלֵייכְטֶעט, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט ווִידֶער גֶעקֶעהְרְט דִיא דֶעק אוֹיף זֵיין אָנְגֶעזִיכְט בִּיז עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צוּ רֶעדֶען מִיט אִיהְם:

ויקהל

קַאפִּיטֶעל לה

א אוּנְד מֹשֶׁה הָאט פַארזַאמֶעלְט דִיא

גאַנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא וֶוערְטֶער וָואס
גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען זֵייא צוּ טְהוּן:
2 זֶעקְס טֶעג זָאל אַרְבֵּייט גֶעטְהוּן
וֶוערֶען, אָבֶּער אָן דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג
זָאל זַיין צוּ אֵייךְ אֵיין הֵיילִיגֶער שַׁבָּת,
אֵיינֶע רוּהוּנְג צוּ גָאט, אִיטְלִיכֶער וָואס
טְהוּט אַרְבֵּייט אָן אִיהְם זָאל גֶעטֵייט
וֶוערֶען:
3 אִיהְר זָאלְט נִיט אָנְצִינְדֶען קֵיין
פֵייעֶר אִין אַלֶע אֵייעֶרֶע וְואוֹינוּנְגֶען אָן
דֶעם שַׁבָּת טָאג:
4 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
גאַנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דָאס דָאזִיגֶע אִיז
דָאס וָוארְט וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
5 נֶעמְט פוּן אֵייךְ אֵיינֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג
צוּ גָאט, אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט אֵיין
ווִילִיגְלִיךְ הַארְץ זָאל עֶס בְּרֶענְגֶען, דִיא
אָבְּשֵׁיידוּנְג פוּן גָאט, גָאלד אוּנְד זִילְבֶּער
אוּנְד קוּפְּפֶער:
6 אוּנְד בְּלוֹיא, אוּנְד פּוּרְפּוּר, אוּנְד
קַארְמִיזִין אוּנְד לֵיינֶען אוּנְד צִיגֶען־הָאר:
7 אוּנְד פֶעלֶען פוּן ווִידֶער, רוֹיט
גֶעפַארְבְּטֶע, אוּנְד תְּחָשִׁים פֶעלֶען אוּנְד
שִׁטִים הָאלְץ:
8 אוּנְד אֵייל צוּ דֶעם לֵייכְטֶען, אוּנְד
גֶעוֶועַרְץ צוּ דֶעם אֵייל פוּן דִיא
זַאלְבּוּנְג, אוּנְד צוּ דֶעם רוֹיךְ וֶוערְק פוּן
וָואהְלְשְׁמֶעקֶענְדֶע גֶעוֶועַרְץ:
9 אוּנְד אוּנִיקֶעל שְׁטֵיינֶער, אוּנְד
דֶערְפִילוּנְג שְׁטֵיינֶער, צוּ דֶעם אֵפוֹד,
אוּנְד צוּ דִיא בְּרוּסְט שְׁפַּאן:
10 אוּנְד אַלֶע קְלוּג הֶערְצִיגֶע אוּנְטֶער
אֵייךְ, זֵייא זָאלֶען קוּמֶען אוּנְד זָאלֶען
מאַכֶען אַלֶעס וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען:
11 דָאס מִשְׁכָּן, זֵיין גֶעצֶעלְט, אוּנְד
זֵיין בֶּעדֶעק, זֵיינֶע הֶעקֶעלִיךְ, זֵיינֶע
בְּרֶעטֶער, זֵיינֶע רִיגְלֶען, זֵיינֶע זֵיילֶען,
אוּנְד זֵיינֶע שְׁוֶועלֶען:
12 דֶעם קַאסְטֶען אוּנְד זֵיינֶע טְרָאג
שְׁטַאנְגֶען, דָאס אִיבֶּערְדֶעקֶעל (כַּפֹּרֶת),
אוּנְד דִיא פָארְהֶענְג פוּן דִיא דֶעק:
13 דֶעם טִישׁ אוּנְד זֵיינֶע טְרָאג שְׁטַאנְ־
גֶען, אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע גֶעפֶעס, אוּנְד
דָאס לֶחֶם הַפָּנִים:
14 אוּנְד דֶעם לֵייכְטֶער וָואס לֵייכְטֶעט.
אוּנְד זֵיינֶע גֶעפֶעס, אוּנְד זֵיינֶע לַאמְפֶּען,
אוּנְד דָאס אֵייל פוּן דִיא לֵייכְטוּנְג:
15 אוּנְד דֶעם אָפְּפֶער שְׁטוּהְל פוּן
רוֹיךְ וֶוערְק, אוּנְד זֵיינֶע טְרָאג שְׁטַאנְגֶען,
אוּנְד דָאס אֵייל פוּן דִיא זַאלְבּוּנְג,
אוּנְד דָאס רוֹיךְ וֶוערְק פוּן וָואהְלְשְׁמֶע־
קֶענְדֶע גֶעוֶועַרְץ, אוּנְד דִיא דֶעק פוּן
דִיא טְהִיר, צוּ דִיא טְהִיר פוּן דֶעם
מִשְׁכָּן:
16 דֶעם אָפְּפֶער שְׁטוּהְל פוּן דֶעם
בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד דָאס גֶעגִיטֶער
פוּן קוּפְּפֶער וָואס אִיז צוּ אִיהְם, זֵיינֶע
טְרָאג שְׁטַאנְגֶען אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע גֶעפֶעס,
דֶעם הַאנְד בֶּעקֶען, אוּנְד זֵיין פוּס:
17 דִיא אוּמְהֶענְג פוּן דֶעם פָארְהוֹיף,
זֵיינֶע זֵיילֶען, אוּנְד זֵיירֶע שְׁוֶועלֶען,
אוּנְד דִיא דֶעק פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן
דֶעם פָארְהוֹיף:
18 דִיא נֶעגֶעל פוּן דֶעם מִשְׁכָּן, אוּנְד
דִיא נֶעגֶעל פוּן דֶעם פָארְהוֹיף, אוּנְד
זֵיירֶע שְׁטְרִיק:
19 דִיא דִינְסְט קְלֵיידֶער צוּ דִינֶען אִין
דִיא הֵיילִיקֵייט, דִיא הֵיילִיגֶע קְלֵיידֶער
צוּ אַהֲרֹן דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד דִיא קְלֵיידֶער
פוּן זֵיינֶע זִיהְן, כָּהֲנִים צוּ זֵיין:

20 אוּנְד עֶס זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען
דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל פוּן פַאר מֹשֶׁה:

21 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען יֶעדֶער
וָואס זֵיין הַארְץ הָאט אִיהְם אָנְגֶערֶעגְט,
אוּנְד יֶעדֶער וָואס זֵיין גֶעמִיט הָאט
אִיהְם ווִילִיג גֶעמַאכְט, הָאבֶען זֵייא
גֶעבְּרֶענְגְט דִיא אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן גָאט צוּ
דֶעם וֶוערְק פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא
פֶערזַאמְלוּנְג, אוּנְד צוּ אַלֶע זֵיינֶע אַרְבֵּייט,
אוּנְד צוּ דִיא הֵיילִיגֶע קְלֵיידֶער:

22 אוּנְד דִיא מֶענֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען
מִיט דִיא ווַייבֶּער, אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט
אַיין ווִילִיגְלִיך הַארְץ, זֵייא הָאבֶען גֶע־
בְּרֶענְגְט אִיהְרֶע רִינְגֶען, אוּנְד אַרְמבֶּענְ־
דֶער, אוּנְד נָאז רִינְגֶען, אוּנְד שְׁלֶעסְלִיך,
אַלֶערְלֵייא גֶעפֶעס פוּן גָאלְד, אוּנְד
אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶען
אַיינֶע אוֹיפְהֵייבוּנְג פוּן גָאלְד צוּ גָאט:

23 אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס עֶס אִיז
בֵּייא אִיהְם גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען בְּלוֹיא,
אוּנְד פּוּרְפּוּר, אוּנְד קַארְמִיזִין, אוּנְד
לֵיינֶען, אוּנְד צִיגֶען הָאר, אוּנְד רוֹיט
גֶעפַארְבְּטֶע פֶעלֶען פוּן ווִידֶער, אוּנְד
תְּחָשִׁים פֶעלֶען, הָאבֶען זֵייא גֶעבְּרֶענְגְט:

24 אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט אָפְּגֶעשֵׁייד
אַיינֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן זִילְבֶּער אוּנְד
קוּפְּפֶער, הָאבֶען זֵייא גֶעבְּרֶענְגְט דִיא
אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן גָאט, אוּנְד אִיטְלִיכֶער
וָואס עֶס אִיז בֵּייא אִיהְם גֶעפוּנֶען גֶע־
וָוארֶען שִׁטִּים הָאלְץ, צוּ יֶעדֶען וֶוערְק פוּן
דִיא אַרְבֵּייט הָאבֶען זֵייא עֶס גֶעבְּרֶענְגְט:

25 אוּנְד יֶעדֶעס קְלוּג הֶערְצִיגֶע ווַייב
הָאט גֶעשְׁפִּינְט מִיט אִיהְרֶע הֶענְד, אוּנְד
זֵייא הָאבֶען גֶעבְּרֶענְגְט דָאס גֶעשְׁפִּינְטֶע,
דָאס בְּלוֹיא, אוּנְד דָאס פּוּרְפּוּר, אוּנְד
דָאס קַארְמִיזִין, אוּנְד דִיא לֵיינֶען:

26 אוּנְד אַלֶע ווַייבֶּער וָואס זֵייעֶר
הַארְץ הָאט זֵייא אָנְגֶערֶעגְט מִיט ווֵייזְ־
הֵייט, הָאבֶען גֶעשְׁפִּינְט דִיא צִיגֶען הָאר:

27 אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען הָאבֶען
גֶעבְּרֶענְגְט דִיא אוֹנִיקֶעל שְׁטֵיינֶער, אוּנְד
דִיא דֶערפִילוּנְג שְׁטֵיינֶער, צוּ דֶעם
אֵפוֹד אוּנְד צוּ דִיא בְּרוּסְט־שְׁפַּאן:

28 אוּנְד דָאס גֶעוֶוערְץ, אוּנְד דָאס
אֵייל צוּ דֶער לֵייכְטוּנְג, אוּנְד צוּ דֶעם
אֵייל פוּן דִיא זַאלְבּוּנְג, אוּנְד צוּ דֶעם
רוֹיךְ וֶוערְק פוּן וָואהְל שְׁמֶעקֶענְדֶע
גֶעוֶוערְץ:

29 אִיטְלִיכֶער מַאן אוּנְד ווַייבּ וָואס
זֵייעֶר הֶערְץ הָאט זֵייא ווִילִיג גֶעמַאכְט
צוּ בְּרֶענְגֶען צוּ דִיא גַאנְצֶע אַרְבֵּייט
וָואס גָאט הָאט גֶעבָאטֶען צוּ מַאכֶען
דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן מֹשֶׁה, הָאבֶען דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעבְּרֶענְגְט, אַיין
פְרֵייווִילִיג גֶעשֶׁענְק צוּ גָאט:

30 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, זֶעהְט, גָאט הָאט גֶע־
רוּפֶען מִיט נָאמֶען בְּצַלְאֵל, דֶער זוּהְן
פוּן אוּרִי, דֶער זוּהְן פוּן חוּר, פוּן דֶעם
שֵׁבֶט יְהוּדָה:

31 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם דֶערפִילְט
מִיט דֶעם רוּחַ אֱלֹהִים, מִיט ווֵייזְהֵייט, מִיט
פֶערשְׁטַאנְד, אוּנְד מִיט ווִיסֶענְשַׁאפְט,
אוּנְד מִיט אַלֶערְלֵייא וֶוערְק:

32 אוּנְד אוֹיסְצוּדֶענְקֶען קִינְסְטלִיכֶע
אַרְבֵּייט, צוּ אַרְבֵּייטֶען אִין גָאלְד אוּנְד
אִין זִילְבֶּער אוּנְד אִין קוּפְּפֶער:

33 אוּנְד אִין שְׁטֵיין שְׁנֵיידֶען, אַיינְצוּ־
פַּאסֶען, אוּנְד אִין הָאלְץ שְׁנֵיידֶען,
צוּ אַרְבֵּייטֶען אִין אַלֶערְלֵייא קִינְסְטְ־
לִיכֶע אַרְבֵּייט:

34 אוּנְד צוּ אוּנְטֶערווֵייזֶען הָאט עֶר
גֶעגֶעבֶּען אִין זֵיין הֶערְץ, עֶר אוּנְד

אָהֳלִיאָב דֶער זוּהְן פוּן אַחִיסָמָךְ פוּן
דֶעם שֵׁבֶט דָן׃
35 עֶר הָאט זֵייא דֶערפִילְט מִיט קְלוּג־
הַייט פוּן הֶערְצֶען צוּ מַאכֶען אַלֶערְלֵייא
אַרְבֵּייט פוּן דֶעם װערְקְמֵייסְטֶער אוּנְד
פוּן דֶעם קִינְסְטלֶער אוּנְד פוּן דֶעם
שְׁטִיקֶער מֵייסְטֶער, מִיט בְּלוֹיא אוּנְד
מִיט פּוּרְפּוּר, מִיט קַארְמִיזִין אוּנְד מִיט
לֵיינֶען אוּנְד מִיט װֶעבֶען, װָאס מַאכֶען
אַלֶערְלֵייא אַרְבֵּייט, אוּנְד װָאס דֶענְקֶען
אוֹיס קִינְסְטלִיךְ װֶערְק׃

קאפיטעל לו

א אוּנְד עֶס הָאט גֶעאַרְבֵּייט בְּצַלְאֵל
אוּנְד אָהֳלִיאָב, אוּנְד אִיטְלִיכֶער קְלוּג
הֶערְצִיגֶער מַאן, װָאס גָאט הָאט גֶעגֶע־
בֶּען קְלוּגְהֵייט אוּנְד פֶערשְׁטַאנְד אִין
זֵייא, צוּ װִיסֶען, צוּ מַאכֶען אַלֶערְלֵייא
אַרְבֵּייט פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען דִינְסְט, צוּ
אַלֶעם װָאס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען׃
2 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערוּפֶען צוּ
בְּצַלְאֵל אוּנְד צוּ אָהֳלִיאָב אוּנְד צוּ
אִיטְלִיכֶען קְלוּג הֶערְצִיגֶען מַאן, װָאס
גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען קְלוּגְהֵייט אִין זֵיין
הֶערְץ, אִיטְלִיכֶער װָאס זֵיין הֶערְץ הָאט
אִיהם אָנְגֶערֶעגְט צוּ גֶענֶעהֶען צוּ דִיא
אַרְבֵּייט זִיא צוּ מַאכֶען׃
3 אוּנְד זֵייא הָאבֶען גֶענוּמֶען פוּן פַאר
מֹשֶׁה דִיא גַאנְצֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג װָאס דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶען גֶעבְּרֶענְגְט, צוּ
דֶעם װֶערְק פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען דִינְסְט
זִיא צוּ מַאכֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶען גֶע־
בְּרֶענְגְט צוּ אִיהם נָאךְ אֵיין פְּרֵייװִילִיג
גֶעשֶׁענְק, אִיטְלִיכֶען מָארְגֶען׃
4 אוּנְד אַלֶע קְלוּגֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען,
װָאס מַאכֶען אַלֶערְלֵייא הֵיילִיגֶע אַרְבֵּייט,
אִיטְלִיכֶער נָאךְ זֵיינֶע אַרְבֵּייט נָאךְ װָאס
זֵייא הָאבֶען גֶעמַאכְט׃

5 אוּנְד זֵייא הָאבֶען גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דָאס פָאלְק מֶעהְרְט צוּ
בְּרֶענְגֶען מֶעהְר פוּן דֶעם דִינְסְט צוּ
דֶעם װֶערְק װָאס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען
עֶס צוּ מַאכֶען׃
6 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעבָּאטֶען אוּנְד
זֵייא הָאבֶען גֶעמַאכְט אוֹיסְרוּפֶען
אֵיינֶע שְׁטִים אִין דֶעם לַאגֶער אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, קֵיין מַאן אוּנְד קֵיין װֵייבּ זָאלֶען
נִיט מֶעהְר מַאכֶען װֶערְק צוּ דִיא הֵיילִיגֶע
אָפְּשֵׁיידוּנְג, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט
אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ בְּרֶענְגֶען׃
7 אוּנְד דָאס װֶערק אִיז גֶעװֶעזֶען
גֶענוּג צוּ דֶעם גַאנְצֶען װֶערְק עֶס צוּ
מַאכֶען, אוּנְד מֶען הָאט אִיבְּרִיג גֶעהַאט׃
8 אוּנְד אַלֶע קְלוּג הֶערְצִיגֶע װָאס
הָאבֶען גֶעמַאכְט דָאס װֶערְק, הָאבֶען
גֶעמַאכְט דָאס מִשְׁכָּן, צֶעהְן אִיבֶּער
הֶענְג, גֶעצְװִירְנְטֶע לֵיינֶען, אוּנְד בְּלוֹיא
אוּנְד פּוּרְפּוּר אוּנְד קַארְמִיזִין, מִיט
כְּרוּבִים, קִינְסְטלִיךְ װֶערְק הָאט מֶען
זֵייא גֶעמַאכְט׃
9 דִיא לֶענְג פוּן אֵיינֶע אִיבֶּערהֶענְג,
אַכְט אוּנְד צְװַאנְצִיג אֵיילֶען, אוּנְד דִיא
בְּרֵייט פִיר אֵיילֶען פוּן אֵיינֶע אִיבֶּער
הֶענְג, אֵיין מָאס אִיז גֶעװֶעזֶען צוּ אַלֶע
אִיבֶּערהֶענְג׃
10 אוּנְד מֶען הָאט בֶּעהֶעפְטֶעט דִיא
פִינְף אִיבֶּערהֶענְג אֵיינֶע צוּ דִיא
אַנְדֶערֶע, אוּנְד פִינְף אִיבֶּערהֶענְג הָאט
מֶען בֶּעהֶעפְט אֵיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶערֶע׃
11 אוּנְד מֶען הָאט גֶעמַאכְט דִיא
שְׁלֵייפְלִיךְ פוּן בְּלוֹיא אוֹיף דֶעם זוֹים
פוּן אֵיינֶע אִיבֶּערהֶענְג, פוּן דֶעם עֶנְד
אָן דִיא בֶּעהֶעפְטוּנְג, אַזוֹי הָאט מֶען
גֶעמַאכְט אָן דֶעם זוֹים פוּן דִיא אוֹיסֶענְ־
װֵיינִיגְסְטֶע אִיבֶּערהַאנְג, אָן דִיא

אַנְדֶערֶע בֶּעהֶעפְטוּנְג:

12 פִינְפְצִיג שְׁלֵייפְלִיך הָאט מֶען גֶעמַאכְט אָן דִיא אֵיינֶע אִיבֶּערהַאנְג, אוּנְד פִינְפְצִיג שְׁלֵייפְלִיך הָאט מֶען גֶעמַאכְט אָן דֶעם עֶנְד פוּן דִיא אִיבֶּער הַאנְג וָואס אִיז אִין דִיא אַנְדֶערֶע בֶּעהֶעפְטוּנְג, דִיא שְׁלֵייפְלִיך זֶענֶען גֶעפִּיגְט גֶעוָוארֶען אֵיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶערֶע:

13 אוּנְד מֶען הָאט גֶעמַאכְט פִינְפְצִיג גָאלְדֶענֶע הֶעקֶעלִיך, אוּנְד מֶען הָאט בֶּעהֶעפְטֶעט דִיא אִיבֶּערהַאנְג אֵיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶערֶע מִיט דִיא הֶעקֶעלִיך, אוּנְד דָאס מִשְׁכָּן אִיז גֶעוָוארֶען אֵיינְס:

14 אוּנְד מֶען הָאט גֶעמַאכְט דִיא אִיבֶּערהֶענְג פוּן צִיגֶען הָאר צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט אִיבֶּער דֶעם מִשְׁכָּן, עֶלֶעף אִיבֶּערהֶענְג הָאט מֶען זֵייא גֶעמַאכְט:

15 דִיא לֶענְג פוּן אֵיינֶע אִיבֶּער הַאנְג דְרֵייסִיג אֵיילֶען, אוּנְד פִיר אֵיילֶען דִיא בְּרֵייט פוּן אֵיינֶע אִיבֶּערהַאנְג, אֵיין מָאס צוּ דִיא עֶלֶעף אִיבֶּערהֶענְג:

16 אוּנְד מֶען הָאט בֶּעהֶעפְטֶעט פִינְף אִיבֶּערהֶענְג בֶּעזוּנְדֶער, אוּנְד זֶעקְס אִיבֶּערהֶענְג בֶּעזוּנְדֶער:

17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט פִינְפְצִיג שְׁלֵייפְלִיך אוֹיף דֶעם זוֹים פוּן דִיא אוֹיסֶענְוֶוייניגְסְטֶע אִיבֶּערהַאנְג אָן דִיא בֶּעהֶעפְטוּנְג, אוּנְד פִינְפְצִיג שְׁלֵייפְלִיך הָאט מֶען גֶעמַאכְט אוֹיף דֶעם זוֹים פוּן דִיא אַנְדֶערֶע אִיבֶּערהַאנְג וָואס בֶּעהֶעפְטֶעט:

18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט פִינְפְצִיג הֶעקֶעלִיך פוּן קוּפֶּער צוּ בֶּעהֶעפְטֶען דָאס גֶעצֶעלְט אַז עֶס זָאל אֵיינְס ווֶערֶען:

19 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אֵיינֶע אִיבֶּער דֶעק צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט, רוֹיט גֶעפַארְבְּטֶע פֶעלֶען פוּן ווִידֶער, אוּנְד אֵיין אִיבֶּער דֶעק פוּן תְּחָשִׁים פֶעלֶען פוּן אוֹיבֶּען:

20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא בְּרֶעטֶער פוּן דֶעם מִשְׁכָּן אוֹיס שִׁטִּים הָאלְץ, שְׁטֵייעֶנְדִיג:

21 צֶעהֶן אֵיילֶען דִיא לֶענְג פוּן אֵיין בְּרֶעט, אוּנְד אַנְדֶערְטְהַאלְבּ אֵיילֶען דִיא בְּרֵייט פוּן אֵיין בְּרֶעט:

22 צְווייא שְׁפִּיצֶען צוּ אִיטְלִיכֶען בְּרֶעט, גֶעפִּיגְט אֵיינְס צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעמַאכְט צוּ אַלֶע בְּרֶעטֶער פוּן דֶעם מִשְׁכָּן:

23 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא בְּרֶעטֶער צוּ דֶעם מִשְׁכָּן, צְווַאנְצִיג בְּרֶעטֶער צוּ דִיא זֵייט קֶעגֶען דָרוֹם:

24 אוּנְד פִירְצִיג זִילְבֶּערְנֶע שְׁוֶועלֶען הָאט עֶר גֶעמַאכְט צוּ דִיא צְווַאנְצִיג בְּרֶעטֶער, צְווייא שְׁוֶועלֶען אוּנְטֶער אֵיין בְּרֶעט צוּ זֵיינֶע צְווייא שְׁפִּיצֶען, אוּנְד צְווייא שְׁוֶועלֶען אוּנְטֶער אֵיין בְּרֶעט צוּ זֵיינֶע צְווייא שְׁפִּיצֶען:

25 אוּנְד צוּ דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן קֶעגֶען צָפוֹן, הָאט מֶען גֶעמַאכְט צְווַאנְצִיג בְּרֶעטֶער:

26 אוּנְד זֵיירֶע פֶערְצִיג זִילְבֶּערְנֶע שְׁוֶועלֶען, צְווייא שְׁוֶועלֶען אוּנְטֶער אֵיין בְּרֶעט, אוּנְד צְווייא שְׁוֶועלֶען אוּנְטֶער אֵיין בְּרֶעט:

27 אוּנְד צוּ דִיא זֵייטֶען פוּן דֶעם מִשְׁכָּן קֶעגֶען מַעֲרָב הָאט מֶען גֶעמַאכְט זֶעקְס בְּרֶעטֶער:

28 אוּנְד צְווייא בְּרֶעטֶער הָאט מֶען גֶעמַאכְט צוּ דִיא ווִינְקְלֶען פוּן דֶעם מִשְׁכָּן אָן דִיא זֵייטֶען:

29 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דָאפֶּעלְט פוּן אוּנְטֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צוּזַאמֶען גֶעפִּיגְט צוּ זֵיין שְׁפִּיץ צוּ אֵיין

רִינְג, אַזוֹי הָאט מֶען גֶעמַאכְט צוּ זֵייא בֵּיידֶע, צוּ דִיא צְווֵייא ווִינְקְלֶען:

30 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַכְט בְּרֶעטֶער, אוּנְד זֵיירֶע זִילְבֶּערְנֶע שְׁוֶועלֶען, זֶעכְצֶעהְן שְׁוֶועלֶען, צְווֵייא שְׁוֶועלֶען, צְווֵייא שְׁוֶועלֶען, אוּנְטֶער אֵיין בְּרֶעט:

31 אוּנְד מֶען הָאט גֶעמַאכְט רִיגְלֶען פוּן שִׁטִּים הָאלְץ, פִינְף צוּ דִיא בְּרֶעטֶער פוּן דִיא אֵיינֶע זֵייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן:

32 אוּנְד פִינְף רִיגְלֶען צוּ דִיא בְּרֶעטֶער פוּן דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן, אוּנְד פִינְף רִיגְלֶען צוּ דִיא בְּרֶעטֶער פוּן דֶעם מִשְׁכָּן צוּ דִיא זֵייטֶען קֶעגֶען מַעֲרָב:

33 אוּנְד מֶען הָאט גֶעמַאכְט דִיא מִיטֶעלְסְטֶע רִיגֶעל צוּ רִיגְלֶען אִין צְווִישֶׁען דִיא בְּרֶעטֶער פוּן אֵיינֶעם עֶנְד צוּ דֶעם אַנְדֶערְן עֶנְד:

34 אוּנְד דִיא בְּרֶעטֶער הָאט מֶען אִיבֶּערְצוֹיגֶען מִיט גָאלְד, אוּנְד זֵיירֶע רִינְגֶען הָאט מֶען גֶעמַאכְט פוּן גָאלְד, הֵייזֶער צוּ דִיא רִיגְלֶען, אוּנְד מֶען הָאט אִיבֶּערצוֹיגֶען דִיא רִיגְלֶען מִיט גָאלְד:

35 אוּנְד מֶען הָאט גֶעמַאכְט דֶעם פָּארהַאנְג, בְּלוֹיא, אוּנְד פּוּרְפּוּר, אוּנְד קַארְמִיזִין, אוּנְד גֶעצְווִירְנְטֶע לֵיינֶען, קִינְסְטלִיךְ ווֶערְק הָאט מֶען עֶס גֶעמַאכְט מִיט כְּרוּבִים:

36 אוּנְד מֶען הָאט גֶעמַאכְט צוּ אִיהְר פִיר זֵיילֶען פוּן שִׁטִּים הָאלְץ, אוּנְד מֶען הָאט זֵייא אִיבֶּערצוֹיגֶען מִיט גָאלְד, זֵיירֶע הֶעקֶעלִיךְ פוּן גָאלְד, אוּנְד מֶען הָאט גֶענָאסֶען צוּ זֵייא פִיר זִילְבֶּערְנֶע שְׁוֶועלֶען:

37 אוּנְד מֶען הָאט גֶעמַאכְט אַ דֶעק צוּ דִיא טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט, בְּלוֹיא, אוּנְד פּוּרְפּוּר, אוּנְד קַארְמִיזִין, אוּנְד גֶעצְווִירְנְטֶע לֵיינֶען, גֶעשְׁטִיקְט ווֶערְק:

38 אוּנְד זֵיינֶע פִינְף זֵיילֶען אוּנְד זֵיירֶע הֶעקֶעלִיךְ, אוּנְד מֶען הָאט אִיבֶּער צוֹיגֶען זֵיירֶע שְׁפִּיצֶען אוּנְד זֵיירֶע גוּרְט בֶּענְדֶער מִיט גָאלְד, אוּנְד זֵיירֶע פִינְף שְׁוֶועלֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען קוּפְּפֶער:

## קאפיטעל לז

א אוּנְד בְּצַלְאֵל הָאט גֶעמַאכְט דֶעם קַאסְטֶען פוּן שִׁטִּים הָאלְץ, דְרֵיטְהַאלְבּ אֵיילֶען זֵיינֶע לֶענְג, אוּנְד אַנְדֶערְטְהַאלְבּ אֵיילֶען זֵיינֶע בְּרֵייט, אוּנְד אַנְדֶערטהַאלְבּ אֵיילֶען זֵיינֶע הֵייךְ:

2 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אִיבֶּערְצוֹיגֶען מִיט רֵיין גָאלְד פוּן אִינֶעווֵיינִיג אוּנְד פוּן אוֹיסֶענְווֵיינִיג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט צוּ אִיהְם אֵיין גָאלְדֶענֶעם קְרַאנְץ רִינְגְס אַרוּם:

3 אוּנְד עֶר הָאט גֶענָאסֶען צוּ אִיהְם פִיר גָאלְדֶענֶע רִינְגֶען אוֹיף זֵיינֶע פִיר עֶקֶען, אוּנְד צְווֵייא רִינְגֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף זֵיינֶע אֵיינֶע זֵייט, אוּנְד צְווֵייא רִינְגֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף זֵיינֶע אַנְדֶערֶע זֵייט:

4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט טְרָאג שְׁטַאנְגֶען פוּן שִׁטִּים הָאלְץ, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אִיבֶּערצוֹיגֶען מִיט גָאלְד:

5 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבְּרֶענְגְט דִיא טְרָאג שְׁטַאנְגֶען אִין דִיא רִינְגֶען אוֹיף דִיא זֵייטֶען פוּן דֶעם קַאסְטֶען, צוּ טְרָאגֶען דֶעם קַאסְטֶען:

6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אֵיין אִיבֶּער דֶעקֶעל (כַּפֹּרֶת) פוּן רֵיין גָאלְד, דְרֵיטְהַאלְבּ אֵיילֶען זֵיינֶע לֶענְג, אוּנְד אַנְדֶערְטְהַאלְבּ אֵיילֶען זֵיינֶע בְּרֵייט:

7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט צְווֵייא כְּרוּבִים פוּן גָאלְד, גֶעהֶעמֶערְט ווֶערְק הָאט עֶר זֵייא גֶעמַאכט פוּן דִיא צְווֵייא

עֶנְדֶען פוּן דֶעם אִיבֶּערדֶעקֶעל (כַּפּוֹרֶת) :

8 אֵיין כְּרוּב פוּן דֶעם עֶנְד אוּנְד אֵיין כְּרוּב פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען עֶנְד פוּן דֶעם אִיבֶּערדֶעקֶעל (כַּפֹּרֶת) הָאט עֶר גֶעמַאכְט דִיא כְּרוּבִים פוּן זֵיינֶע צְוֵוייא עֶנְדֶען :

9 אוּנְד דִיא כְּרוּבִים הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט דִיא פְלִיגֶעל נָאךְ אוֹיבֶּען, זֵייא הָאבֶּען בֶּעדֶעקְט מִיט זֵייעֶרֶע פְלִיגֶעל דָאס אִיבֶּערדֶעקֶעל (כַּפּוֹרֶת), אוּנְד זֵייעֶרֶע אָנְגֶעזִיכְטֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אֵיינֶער קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן, צוּ דֶעם אִיבֶּער דֶעקֶעל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא אָנְגֶעזִיכְטֶער פוּן דִיא כְּרוּבִים :

10 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דֶעם טִישׁ פוּן שִׁטִּים הָאלְץ, צְוֵוייא אֵיילֶען זֵיינֶע לֶענְג אוּנְד אֵיינֶע אֵייל זֵיינֶע בְּרֵייט אוּנְד אַנְדֶערְטְהַאלְבּ אֵיילֶען זֵיינֶע הֵייךְ :

11 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אִיבֶּערצוֹיגֶען מִיט רֵיין גָאלְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט צוּ אִיהְם אֵיין קְרַאנְץ פוּן גָאלְד רִינְגְס אַרוּם :

12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט צוּ אִיהְם אֵיין רַאנְד, אֵיינֶע הַאנְד בְּרֵייט, רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אֵיין גָאלְדֶענֶען קְרַאנְץ צוּ זֵיין רַאנְד רִינְגְס אַרוּם :

13 אוּנְד עֶר הָאט גֶעגָאסֶען צוּ אִיהְם פִיר גָאלְדֶענֶע רִינְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעצְט דִיא רִינְגֶען אוֹיף דִיא פִיר עֶקֶען וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף זֵיינֶע פִיר פִים :

14 קֶעגֶען אִיבֶּער דֶעם רַאנְד זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא רִינְגֶען, הֵייזֶער צוּ דִיא טְרָאג שְׁטַאנְגֶען, צוּ טְרָאגֶען דֶעם טִישׁ :

15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא טְרָאג שְׁטַאנְגֶען פוּן שִׁטִּים הָאלְץ, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אִיבֶּערצוֹיגֶען מִיט גָאלְד, צוּ טְרָאגֶען דֶעם טִישׁ :

16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא גֶעפֶעס וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם טִישׁ, זֵיינֶע שִׁיסְלֶען, אוּנְד זֵיינֶע לֶעפֶעל, אוּנְד זֵיינֶע בֶּעקֶען, אוּנְד דִיא שָׁאלֶען, וָואס עֶס אִיז מִיט זֵייא גֶעגָאסֶען גֶעוָוארֶען רֵיין גָאלְד :

17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דֶעם לֵייכְטֶער פוּן רֵיין גָאלְד, גֶעהֶעמֶערְט וֶוערְק הָאט עֶר גֶעמַאכְט דֶעם לֵייכְטֶער, זֵיין דִיכְט אוּנְד זֵיינֶע רָאהְר, זֵיינֶע בֶּעכֶער, זֵיינֶע קְנֶעפְּף אוּנְד זֵיינֶע בְּלוּמֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן אִיהְם :

18 אוּנְד זֶעקְס רָאהְרֶען זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן זֵיינֶע זֵייטֶען, דְרֵייא רָאהְרֶען פוּן דֶעם לֵייכְטֶער פוּן זֵיינֶע אֵיינֶע זֵייט, אוּנְד דְרֵייא רָאהְרֶען פוּן דֶעם לֵייכְטֶער פוּן זֵיינֶע אַנְדֶערֶע זֵייט :

19 דְרֵייא בֶּעכֶער, מַאנְדֶעל פֶּערְמִיג, אִין דֶער אֵיינֶע רָאהְר, אֵיין קְנָאפְּף אוּנְד אֵיין בְּלוּם, אַזוֹי צוּ דִיא זֶעקְס רָאהְרֶען וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם לֵייכְטֶער :

20 אוּנְד אִין דֶעם לֵייכְטֶער וַוארֶען פִיר בֶּעכֶער, מַאנְדֶעל פֶּערְמִיג, זֵיינֶע קְנֶעפְּף אוּנְד זֵיינֶע בְּלוּמֶען :

21 אוּנְד אֵיין קְנָאפְּף אוּנְטֶער צְוֵוייא רָאהְרֶען פוּן אִיהְם, אוּנְד אֵיין קְנָאפְּף אוּנְטֶער צְוֵוייא רָאהְרֶען פוּן אִיהְם, אוּנְד אֵיין קְנָאפְּף אוּנְטֶער צְוֵוייא רָאהְרֶען פוּן אִיהְם, צוּ דִיא זֶעקְס רָאהְרֶען וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן אִיהְם :

22 זֵייעֶרֶע קְנֶעפְּף אוּנְד זֵייעֶרֶע רָאהְרֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן אִיהְם, דָאס גַאנְצֶע אֵיין גֶעהֶעמֶערְט וֶוערְק פוּן רֵיין גָאלְד :

23 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט זֵיינֶע זִיבֶּען לַאמְפֶּען, אוּנְד זֵיינֶע צַאנְגֶען,



אונד

אוּנְד זֵיינֶע פֵייעֶרפְּפַאנֶען פוּן רֵיין גָאלְד :
24 אֵיין צֶענְטנֶער גָאלְד הָאט עֶר אִיהְם
גֶעמַאכְט, אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע גֶעפֶעס :
25 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דֶעם
אָפְּפֶערשְׁטוּהְל פוּן רויךְ וֶוערְק, שִׁטִים
הָאלְץ, אֵיין אֵייל זֵיינֶע לֶענְג אוּנְד אֵיין
אֵייל זֵיינֶע בְּרֵייט, פִיר עֶקֶעדִיג,
אוּנְד צְוֵוייא אֵיילֶען זֵיינֶע הֵייךְ, זֵיינֶע
הֶערְנֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן אִיהְם :
26 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אִיבֶּערצוֹיגֶען
מִיט רֵיין גָאלְד, זֵיין דַאךְ אוּנְד זֵיינֶע
וֶוענְד רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד זֵיינֶע הֶערְנֶער,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט צוּ אִיהְם
אֵיין גָאלְדֶענֶען קְרַאנְץ רִינְגְס אַרוּם :
27 אוּנְד צְוֵוייא רִינְגֶען פוּן גָאלְד הָאט
עֶר גֶעמַאכְט צוּ אִיהְם פוּן אוּנְטֶען צוּ
זֵיין קְרַאנְץ אוֹיף זֵיינֶע צְוֵוייא ווִינְקְלֶען,
אוֹיף זֵיינֶע צְוֵוייא זֵייטֶען, צוּ הֵייזֶער
צוּ דִיא טְרָאג שְׁטַאנְגֶען, אִיהְם צוּ
טְרָאגֶען מִיט זֵייא :
28 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא טְרָאג
שְׁטַאנְגֶען פוּן שִׁטִים הָאלְץ, אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא אִיבֶּערצוֹיגֶען מִיט גָאלְד :
29 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דָאס אֵייל
פוּן דִיא הֵיילִיגֶע זַאלְבּוּנְג, אוּנְד דָאס
רֵיינֶע רויךְ וֶוערְק פוּן דִיא וָואהְל
שְׁמֶעקֶענְדֶע גֶעוֶוערְץ פוּן דֶעם אַפָּטֶעקֶער :

## קאפּיטעל לח

א אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דֶעם
אָפְּפֶערשְׁטוּהְל פוּן בְּרַאנְד אָפְּפֶער, פוּן
שִׁטִים הָאלְץ, פִינְף אֵיילֶען זֵיינֶע לֶענְג,
אוּנְד פִינְף אֵיילֶען זֵיינֶע בְּרֵייט, פִיר
עֶקֶעדִיג אוּנְד דְרֵייא אֵיילֶען זֵיינֶע הֵייךְ :
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט זֵיינֶע
הֶערְנֶער אוֹיף זֵיינֶע פִיר ווִינְקְלֶען,
זֵיינֶע הֶערְנֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן אִיהְם,
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אִיבֶּערצוֹיגֶען מִיט
קוּפְּפֶער :
3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַלֶע גֶע־
פֶעס פוּן דֶעם אָפְּפֶער שְׁטוּהְל, דִיא
טֶעפְּף אוּנְד דִיא שׁוּיפֶעלְן אוּנְד דִיא
בֶּעקֶען, דִיא גָאפְּלֶען אוּנְד דִיא פֵייעֶר
פְּפַאנֶען, אַלֶע זֵיינֶע גֶעפֶעס הָאט עֶר
גֶעמַאכְט פוּן קוּפְּפֶער :
4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט צוּ דֶעם
אָפְּפֶערשְׁטוּהל אֵיין גֶעגִיטֶער, אֵיין גֶעץ
וֶוערְק פוּן קוּפְּפֶער, אוּנְטֶער זֵיין אוּם
לוֹיף פוּן אוּנְטֶען בִּיז צוּ זֵיינֶע הֶעלְפְט :
5 אוּנְד עֶר הָאט גֶעגָאסֶען פִיר רִינְגֶען
אָן דִיא פִיר עֶקֶען פוּן דֶעם גֶעגִיטֶער
פוּן קוּפְּפֶער, הֵייזֶער צוּ דִיא טְרָאג
שְׁטַאנְגֶען :
6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא טְרָאג
שְׁטַאנְגֶען פוּן שִׁטִים הָאלְץ, אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא יבֶּערצוֹיגֶען מִיט קוּפְּפֶער :
7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבְּרֶענְגְט דִיא טְרָאג
שְׁטַאנְגֶען אִין דִיא רִינְגֶען, אוֹיף דִיא
זֵייטֶען פוּן דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל, אִיהְם
צוּ טְרָאגֶען מִיט זֵייא, הוֹיל מִיט
בְּרֶעטֶער הָאט עֶר אִיהְם גֶעמַאכְט :
8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דֶעם הַאנְד
בֶּעקֶען פוּן קוּפְּפֶער, אוּנְד זֵיין פוּס
פוּן קוּפְּפֶער, אוֹיס דִיא שְׁפִּיגְלֶען פוּן
דִיא ווֵייבֶּער וָואס הָאבֶּען זִיךְ פֶער־
זַאמֶעלְט צוּ דִיא טְהִיר פוּן דֶעם
גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג :
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דֶעם פָאר
הוֹיף צוּ דִיא זֵייט קֶעגֶען דָרוֹם, דִיא
אוּמְהֶענְג פוּן דֶעם פָאר־הוֹיף זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען פוּן גֶעצְווִירְנְטֶע לֵיינֶען הוּנְדֶערְט
אֵיילֶען :
10 זֵייעֶרֶע צְוַאנְצִיג זֵיילֶען אוּנְד זֵייעֶרֶע
צְוַאנְצִיג שְׁוֶועלֶען פוּן קוּפְּפֶער, דִיא
הֶעקֶעלִיךְ פוּן דִיא זֵיילֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע

גוּרְט בֶּענְדֶער, פוּן זִילְבֶּער:

11 אוּנְד צוּ דִיא זַייט קֶעגֶען צָפוֹן, הוּנְדֶערְט אֵיילֶען, זַייעֶרֶע צְוַואנְצִיג זֵיילֶען אוּנְד זַייעֶרֶע צְוַואנְצִיג שְׁוֶועלֶען פוּן קוּפְּפֶער, דִיא הֶעקֶעלִיךְ פוּן דִיא זֵיילֶען, אוּנְד זַייעֶרֶע גוּרְט בֶּענְדֶער, פוּן זִילְבֶּער:

12 אוּנְד דִיא זַייט קֶעגֶען מַעֲרָב, צוּ דִיא אוּמְהֶענְג פִינְפְצִיג אֵיילֶען, זַייעֶרֶע צֶעהְן זֵיילֶען אוּנְד זַייעֶרֶע צֶעהְן שְׁוֶועלֶען, דִיא הֶעקֶעלִיךְ פוּן דִיא זֵיילֶען, אוּנְד זַייעֶרֶע גוּרְט בֶּענְדֶער, פוּן זִילְבֶּער:

13 אוּנְד צוּ דִיא מִזְרָח זַייט פִינְפְצִיג אֵיילֶען:

14 דִיא אוּמְהֶענְג פִינְפְצֶעהְן אֵיילֶען צוּ דִיא אֵיינֶע זַייט, זַייעֶרֶע דְרֵייא זֵיילֶען אוּנְד זַייעֶרֶע דְרֵייא שְׁוֶועלֶער:

15 אוּנְד צוּ דִיא אַנְדֶערֶע זַייט, פוּן דֶער זַייט אוּנְד פוּן יֶענֶער זַייט, צוּ דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם פָאר־הוֹיף, דִיא אוּמְהֶענְג פִינְפְצֶעהְן אֵיילֶען, זַייעֶרֶע דְרֵייא זֵיילֶען אוּנְד זַייעֶרֶע דְרֵייא שְׁוֶועלֶען:

16 אַלֶע אוּמְהֶענְג פוּן דֶעם פָאר־הוֹיף רִינְגְס אַרוּם זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן גֶעצְווירְנְטֶע לֵיינֶען:

17 אוּנְד דִיא שְׁוֶועלֶען צוּ דִיא זֵיילֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן קוּפְּפֶער, דִיא הֶעקֶעלִיךְ פוּן דִיא זֵיילֶען, אוּנְד זַייעֶרֶע גוּרְט בֶּענְדֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן זִילְבֶּער, אוּנְד דֶער אִיבֶּערצוּג פוּן זַייעֶרֶע שְׁפִּיצֶען פוּן זִילְבֶּער, אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גֶעגוּרְט מִיט זִילְבֶּער אַלֶע זֵיילֶען פוּן דֶעם פָאר־הוֹיף:

18 אוּנְד דִיא דֶעק פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם פָאר־הוֹיף, גֶעשְׁטִיקְט וֶוערְק, בְּלוֹיא, אוּנְד פּוּרְפּוּר, אוּנְד קַארְמִיזִין, אוּנְד גֶעצְווירְנְטֶע לֵיינֶען, צְוַואנְצִיג אֵיילֶען דִיא לֶענְג, אוּנְד דִיא הֵייך מִיט דִיא בְּרֵייט פִינְף אֵיילֶען, נָאךְ דֶעם מָאס נָאךְ פוּן דִיא אוּמְהֶענְג פוּן דֶעם פָאר־הוֹיף:

19 אוּנְד זַייעֶרֶע פִיר זֵיילֶען אוּנְד זַייעֶרֶע פִיר שְׁוֶועלֶען פוּן קוּפְּפֶער, זַייעֶרֶע הֶעקֶעלִיךְ פוּן זִילְבֶּער, אוּנְד דֶער אִיבֶּערצוּג פוּן זַייעֶרֶע שְׁפִּיצֶען, אוּנְד זַייעֶרֶע גוּרְט בֶּענְדֶער פוּן זִילְבֶּער:

20 אוּנְד אַלֶע נֶעגֶעל צוּ דֶעם מִשְׁכָּן אוּנְד צוּ דֶעם פָאר־הוֹיף רִינְגְס אַרוּם פוּן קוּפְּפֶער:

### פקודי

21 דָאס דָאזִיגֶע אִיז דִיא צָאהְל פוּן דֶעם מִשְׁכָּן, דָאס מִשְׁכָּן פוּן דֶעם צֵייגְנִיס וָואס אִיז גֶעצֵיילְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ מֹשֶׁה, דֶער דִינְסְט פוּן דִיא לְוִיִּם, דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן אִיתָמָר דֶער זוּהְן פוּן אַהֲרֹן, דֶער כֹּהֵן:

22 אוּנְד בְּצַלְאֵל דֶער זוּהְן פוּן אוּרִי, דֶער זוּהְן פוּן חוּר, פוּן דֶעם שֵׁבֶט יְהוּדָה, הָאט גֶעמַאכְט אַלֶעס וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה:

23 אוּנְד מִיט אִיהְם אָהֳלִיאָב דֶער זוּהְן פוּן אֲחִיסָמָךְ, צוּ דֶעם שֵׁבֶט דָן אֵיין וֶוערְק מֵייסְטֶער אוּנְד אֵיין קִינְסְטְלֶער אוּנְד אֵיין שְׁטִיקֶער מֵייסְטֶער אִין בְּלוֹיא, אוּנְד אִין פּוּרְפּוּר, אוּנְד אִין קַארְמִיזִין, אוּנְד אִין לֵיינֶען:

24 דָאס גַאנְצֶע גָאלְד וָואס אִיז פֶערַארְבֵּייט גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם וֶוערְק, אִין אַלֶערְלֵייא וֶוערְק פוּן דִיא הֵיילִיגְקֵייט, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס גָאלְד פוּן דִיא אוֹיפְהֶעבּוּנְג (תְּרוּמָה), נַיין אוּנְד צְוַואנְצִיג צֶענְטְנֶער אוּנְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג שְׁקָלִים, נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ:

25 אוּנְד דָאס זִילְבֶּער פוּן דִיא צֵיילוּנְג

פוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶע, אִיז גֶעוֶוען
הוּנְדֶערְט צֶענְטְנֶער, אוּנְד טוֹיזֶענְד אוּנְד
זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף אוּנְד זִיבֶּעצִיג
שְׁקָלִים, נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ:
26 אֵיין בֶּקַע צוּ אֵיין קָאפְּף, אֵיין
הַאלְבֶּער שֶׁקֶל, נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל
נָאךְ, צוּ אִיטְלִיכֶען וָואס אִיז גֶעגַאנְגֶען
וֶועגֶען דִיא צֵיילוּנְג, פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר
אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער, צוּ זֶעקְס הוּנְ־
דֶערְט טוֹיזֶענְד אוּנְד דְרֵייא טוֹיזֶענְד,
אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְפְצִיג:
27 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא
הוּנְדֶערְט צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער צוּ גִיסֶען
דִיא שְׁוֶועלֶען פוּן דִיא הֵיילִיגְקֵייט, אוּנְד
דִיא שְׁוֶועלֶען פוּן דִיא פָּארְהֶענְג,
הוּנְדֶערְט שְׁוֶועלֶער צוּ הוּנְדֶערְט צֶענְט־
גֶער, אֵיין צֶענְטְנֶער צוּ אֵיין שְׁוֶועל:
28 אוּנְד טוֹיזֶענְד אוּנְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט
אוּנְד פִינְף אוּנְד זִיבֶּעצִיג (שְׁקָלִים) הָאט
עֶר גֶעמַאכְט דִיא הֶעקֶעלִיךְ צוּ דִיא
זֵיילֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּערצוֹיגֶען
זֵייעֶרֶע שְׁפִּיצֶען, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
גֶעגוּרְטֶעט.
29 אוּנְד דָאס קוּפְּפֶער פוּן דִיא אוֹיפְ־
הֶעבוּנְג אִיז גֶעוֶועזֶען זִיבֶּעצִיג צֶענְטְנֶער,
אוּנְד צְוֵייא טוֹיזֶענְד אוּנְד פִיר הוּנְדֶערְט
שְׁקָלִים:
30 אוּנְד עֶר הָאט דֶערפוּן גֶעמַאכְט
דִיא שְׁוֶועלֶער פוּן דִיא טִיר פוּן דֶעם
גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד
דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל פוּן קוּפְּפֶער,
אוּנְד דָאס גֶעגִיטֶער פוּן קוּפְּפֶער וָואס
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אִיהְם, אוּנְד אַלֶע
גֶעפֶעס פוּן דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל:
31 אוּנְד דִיא שְׁוֶועלֶען פוּן דֶעם
פָּאר־הוֹיף רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד דִיא
שְׁוֶועלֶען פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם
פָּאר־הוֹיף, אוּנְד אַלֶע נֶעגֶעל פוּן דֶעם
מִשְׁכָּן, אוּנְד אַלֶע נֶעגֶעל פוּן דֶעם
פָּארהוֹיף רִינְגְס אַרוּם:

קאפיטעל לט

א אוּנְד פוּן דֶעם בְּלוֹיא אוּנְד פוּרְפּוּר,
אוּנְד קַארְמִיזִין, הָאבֶּען זֵייא גֶעמַאכְט
דִיא דִינְסְט קְלֵיידֶער צוּ דִינֶען אִין דִיא
הֵיילִיגְקֵייט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט
דִיא הֵיילִיגֶע קְלֵיידֶער וָואס זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען צוּ אַהֲרֹן, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט
הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה:
2 אוּנְד מֶען הָאט גֶעמַאכְט דֶעם
אֵפוֹד, גָאלְד, בְּלוֹיא אוּנְד פוּרְפּוּר אוּנְד
קַארְמִיזִין, אוּנְד גֶעצְוִוירְנְטֶע לֵיינֶען:
3 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיסְגֶעהַאמֶערְט
דִינֶע בְּלֶעכֶען פוּן גָאלְד, אוּנְד מֶען הָאט
עֶס גֶעשְׁנִיטֶען אִין דְרָאט צוּ מַאכֶען אִין
צְווִישֶׁען דֶעם בְּלוֹיא, אוּנְד אִין צְווִישֶׁען
דֶעם פוּרְפּוּר, אוּנְד אִין צְווִישֶׁען דֶעם
קַארְמִיזִין אוּנְד אִין צְווִישֶׁען דֶעם לֵיינֶען,
קִינְסְטְלִיךְ וֶוערְק:
4 אַקְסֶעלְבֶּענְדֶער הָאבֶּען זֵייא גֶעמַאכְט
צוּ אִיהְם, בֶּעהֶעפְטֶעט, אוֹיף זֵיינֶע צְוֵייא
עֶקֶען אִיז עֶס בֶּעהֶעפְטֶעט גֶעוָוארֶען:
5 אוּנְד דֶעם גַארְטֶעל פוּן זֵיין אֵפוֹד
וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען דְרוֹיף, פוּן אִיהְם
אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא זֵיין
וֶוערְק, גָאלְד, בְּלוֹיא אוּנְד פוּרְפּוּר אוּנְד
קַארְמִיזִין, אוּנְד גֶעצְוִוירְנְטֶע לֵיינֶען,
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען
דֶעם מֹשֶׁה:
6 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט דִיא
אוּנִיקֶעל שְׁטֵיינֶער, אוּמְגֶערִינְגֶעלְט,
אֵיינְגֶעפַאסְט אִין גָאלְד, אֵיינְגֶעקְרִיצֶעלְט,
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דִיא אֵיינְקְרִיצְלוּנְג פוּן
אֵיין זִיגֶעל־רִינְג, מִיט דִיא נֶעמֶען פוּן
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:

אוּנְד

7 אונד ער האט זייא געזעצט אויף
דיא אַקסעלבענדער פון דעם אֵפוד,
אַלס שטיינער פון דעם געדעכטניס
צו דיא קינדער ישראל, גלייך אַזוי וויא
גאט האט געבאָטען דעם משה:
8 אונד מען האט געמאכט דיא ברוסט
שפאן, קינסטליך ווערק, גלייך אַזוי וויא
דאָס ווערק פון דעם אֵפוד, גאָלד,
בלויא, אונד פורפור, אונד קארמיזין
אונד געצווירנטע ליינען:
9 פירעקקעדיג איז עס געוועזען, דאָר־
פעלט האבען זייא דיא ברוסט שפאן
געמאכט, איין דוים זיינע לענג, אונד
איין דוים זיינע ברייט, דאָפעלט:
10 אונד זייא האבען דערפילט אין
פיר צייל'ען פון שטיינער, איין צייל איין
רובין, איין פּריזאַנד, אונד איין קארפונ־
קעל זענען געוועזען דיא ערשטע צייל:
11 אונד דיא אַנדערע צייל, איין סמאר־
גאד, איין סאפיר אונד איין דיאַמאַנט:
12 אונד דיא דריטע צייל, איין טורקאס
איין טאפאז, אונד איין קריסטאל:
13 אונד דיא פירטע צייל, איין יאַכצונג,
איין אוניקעל, אונד איין יאַספּיז,
אומרינגעלט, איינגעפאסט אין גאָלד,
מיט זייערע דערפילונגען:
14 אונד דיא שטיינער מיט דיא
נעמען פון דיא קינדער ישראל, זייא
זענען געוועזען צוועלף מיט זייערע
נעמען, דיא איינקריצלונג פון איין
זיגעל רינג, איטליכער מיט זיין נאָמען
צו דיא צוועלף שבטים:
15 אונד זייא האבען געמאכט אויף
דיא ברוסט שפאן, קייטען, געמערקט,
געפלאכטען ווערק, פון ריין גאָלד:
16 אונד זייא האבען געמאכט צווייא
איינפאסונגען פון גאָלד, אונד צווייא
גאָלדענע רינגען, אונד זייא האבען
געזעצט דיא צווייא רינגען אויף דיא
צווייא עקען פון דעם ברוסט שפאן:
17 אונד זייא האבען געזעצט דיא
צווייא געפלאכטענע קייטען אויף דיא
צווייא רינגען, אויף דיא עקען פון דעם
ברוסט שפאן:
18 אונד דיא צווייא עקען פון דיא
צווייא געפלאכטענע קייטען האבען זייא
געזעצט אויף דיא צווייא איינפאסונגען,
אונד זייא האבען זייא געזעצט אויף
דיא צווייא אַקסעלבענדער פון דעם
אֵפוד, קעגען זיינע פאָרדערשטע זייט:
19 אונד זייא האבען געמאכט צווייא
גאָלדענע רינגען, אונד זייא האבען
זייא געזעצט אויף דיא צווייא עקען פון
דעם ברוסט שפאן, אויף זיין זוים, וואס
איז צו דיא זייט פון דעם אֵפוד,
אינעווייניג:
20 אונד זייא האבען געמאכט צווייא
גאָלדענע רינגען, אונד זייא האבען זייא
געזעצט אויף דיא צווייא אַקסעלבענדער
פון דעם אֵפוד, פון אינעווייניג, קעגען
דיא פאָרדערשטע זייט, קעגען זיינע
בעהעפטונג פון אויבען צו דעם גאר־
טעל פון דעם אֵפוד:
21 אונד זייא האבען אָנגעבונדען דעם
ברוסט שפאן פון זיינע רינגען צו דיא
רינגען פון דעם אֵפוד, מיט איינע
שנור פון בלויא, צו זיין אויף דעם
גארטעל פון דעם אֵפוד, אַז דער
ברוסט שפאן זאָל ניט אַוועק גערוקט
ווערען פון דעם אֵפוד, גלייך אַזוי וויא
גאט האט געבאָטען דעם משה:
22 אונד מען האט געמאכט דאָס
אויבערהעמד פון דעם אֵפוד, געוועבט
ווערק, גאנץ פון בלויא:

23 אוּנְד דָאס לָאךְ פוּן דֶעם אוֹיבֶּער־הֶעמְד אִין צְווִישֶׁען אִיהְם, גְלֵייךְ אַזוֹי וְוִיא דָאס לָאךְ פוּן אַ פַּאנְצֶער, אֵיין זוֹים צוּ זַיין לָאךְ רִינְגְס אַרוּם, אַז עֶר זָאל נִיט צוּרִיסֶען וֶוערֶען :

24 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט אוֹיף דֶעם זוֹים פוּן דֶעם אוֹיבֶּערהֶעמְד מִילְ־גְרוֹמֶען, פוּן בְּלוֹיא אוּנְד פוּן פוּרְפּוּר אוּנְד פוּן קַארְמִיזִין, גֶעצְווִירְנְט :

25 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט גְלֶעקְ־לֶעךְ פוּן רֵיין גָאלְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעצְט דִיא גְלֶעקְלֶעךְ אִין צְווִישֶׁען דִיא מִילְגְרוֹמֶען, אוֹיף דֶעם זוֹים פוּן דֶעם אוֹיבֶּערהֶעמְד רִינְגְס אַרוּם, אִין צְווִישֶׁען דִיא מִילְגְרוֹמֶען :

26 אֵיין גְלֶעקֶעל אוּנְד אֵיין מִילְגְרוֹם, אֵיין גְלֶעקֶעל אוּנְד אֵיין מִילְגְרוֹם, אוֹיף דֶעם זוֹים פוּן דֶעם אוֹיבֶּערהֶעמְד, רִינְגְס אַרוּם, צוּ דִינֶען, גְלֵייךְ אַזוֹי וְוִיא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה :

27 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט דִיא הֶעמְדֶער, גֶעוֶועבְּט וֶוערְק, לֵיינֶען צוּ אַהֲרֹן אוּנְד צוּ זַיינֶע זִיהְן :

28 אוּנְד דִיא הוֹיבּ פוּן לֵיינֶען, אוּנְד דִיא שֵׁיינֶע הוֹיבֶּען פוּן לֵיינֶען, אוּנְד דִיא לֵיינֶענֶע הוֹיזֶען פוּן גֶעצְווִירְנְטֶע לֵיינֶען :

29 אוּנְד דֶעם גַארְטֶעל פוּן גֶעצְווִירְנְטֶע לֵיינֶען, אוּנְד בְּלוֹיא, אוּנְד פּוּרְפּוּר, אוּנְד קַארְמִיזִין, גֶעשְׁטִיקְט וֶוערְק, גְלֵייךְ אַזוֹי וְוִיא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה :

30 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט דָאס בְּלֶעךְ, דִיא הֵיילִיגֶע קְרוֹין, פוּן רֵיין גָאלְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דְרוֹיף גֶעשְׁרִי־בֶּען אֵיין שְׁרִיפְט, דִיא אֵיינְקְרִיצְלוּנְג פוּן פוּן אֵיין זִיגֶעל־רִינְג, קֹדֶשׁ לַיהוה :

31 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דְרוֹיף גֶעזֶעצְט אֵיינֶע שְׁנוּר פוּן בְּלוֹיא אוֹיף צוּ זֶעצֶען דִיא הוֹיבּ פוּן אוֹיבֶען, גְלֵייךְ אַזוֹי וְוִיא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה :

32 אוּנְד עֶס אִיז פֶאלֶענְט גֶעוָוארֶען דָאס גַאנְצֶע וֶוערְק פוּן דֶעם מִשְׁכָּן פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶע־מַאכְט גְלֵייךְ אַזוֹי וְוִיא אַלֶעס וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעמַאכְט :

33 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרֶענְגְט דָאס מִשְׁכָּן צוּ מֹשֶׁה, דָאס גֶעצֶעלְט אוּנְד אַלֶע זַיינֶע גֶעפֶּעס, זַיינֶע הֶעקֶעלִיךְ, זַיינֶע בְּרֶעטֶער, זַיינֶע רִיגְלֶען אוּנְד זַיינֶע זֵיילֶען אוּנְד זַיינֶע שְׁוֶועלֶען :

34 אוּנְד דִיא דֶעק פוּן רוֹיטְגֶעפַארְבְּטֶע פֶעלֶען פוּן ווִידֶער, אוּנְד דִיא דֶעק פוּן תְּחָשִׁים פֶעלֶען, אוּנְד דִיא פָארְהַאנְג פוּן דִיא דֶעק :

35 דֶעם קַאסְטֶען פוּן דֶעם צֵייגְנִים אוּנְד זַיינֶע טְרָאג־שְׁטַאנְגֶען אוּנְד דָאס אִיבֶּערְדֶעקֶעל (כַּפֹּרֶת) :

36 דֶעם טִישׁ, אַלֶע זַיינֶע גֶעפֶּעס, אוּנְד דָאס לֶחֶם הַפָּנִים :

37 דֶעם רֵיינֶען לֵייכְטֶער, זַיינֶע לַאמְ־פֶּען, דִיא לַאמְפֶּען פוּן דִיא אָפְּרִיכְטוּנְג, אוּנְד אַלֶע זַיינֶע גֶעפֶּעס, אוּנְד דָאס אֵייל פוּן דִיא לֵייכְטוּנְג :

38 אוּנְד דֶעם גָאלְדֶענֶען אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל אוּנְד דָאס אֵייל פוּן דִיא זַאלְבּוּנְג, אוּנְד דָאס רוֹיךְ וֶוערְק פוּן וָואהְלשְׁמֶעקֶענְדֶע גֶעוֶוערְץ, אוּנְד דִיא דֶעק פוּן דִיא טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט :

39 דֶעם אָפְּפֶער שְׁטוּהְל פוּן קוּפְּפֶער אוּנְד דָאס גֶעגִיטֶער פוּן קוּפְּפֶער, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אִיהְם, זַיינֶע טְרָאג־שְׁטַאנְגֶען אוּנְד אַלֶע זַיינֶע גֶעפֶּעס, דֶעם

הַאנְד בֶּעקֶען אוּנְד זַיין פוּס :

40 דִיא אוּמְהֶענְג פוּן דֶעם פָּארהויף, זַיינֶע זַיילֶען אוּנְד זַיינֶע שְׁװעלֶען, אוּנְד דִיא דֶעק צוּ דֶעם טויעֶר פוּן דֶעם פָּארהויף, זַיינֶע שְׁטְרִיק אוּנְד זַיינֶע נֶעגֶעל, אוּנְד אַלֶע גֶעפֶּעס פוּן דֶעם דִינְסְט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג :

41 דִיא דִינְסְט קְלֵיידֶער צוּ דִינֶען אִין דִיא הֵיילִיקַייט, דִיא הֵיילִיגֶע קְלֵיידֶער צוּ אַהֲרֹן דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד דִיא קְלֵיידֶער פוּן זַיינֶע זִיהְן כֹּהֲנִים צוּ זַיין :

42 גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אַלֶעס וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעמַאכְט דִיא גַאנְצֶע אַרְבֵּייט :

43 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא גַאנְצֶע אַרְבֵּייט, אוּנְד זֶעה זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעמַאכְט, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעמַאכְט, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט זֵייא גֶעבֶּענְשְׁט :

קאפיטעל מ

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען :

2 אִין דֶעם טָאג פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען חֹדֶשׁ, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען צוּ דֶעם חֹדֶשׁ, זָאלְסְט דוּא אויפְשְׁטֶעלֶען דָאס מִשְׁכָּן, דָאס גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג :

3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דָארְט אַהִין שְׁטֶעלֶען דֶעם קַאסְטֶען פוּן דֶעם צֵייגְנִיס, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּדֶעקֶען דֶעם קַאסְטֶען מִיט דֶעם פָּארְהַאנְג :

4 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אַרֵיינבְּרֶענְגֶען דֶעם טִישׁ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָנְרִיכְטֶען זַיינֶע אָרְדְנוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אַרֵיינבְּרֶענְגֶען דֶעם לֵייכְטֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָנְצִינְדֶען זַיינֶע לַאמְפֶּען :

5 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שְׁטֶעלֶען דֶעם גָאלְדֶענֶען אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל צוּ רויךְ װֶערְק, צוּ פַאר דֶעם קַאסְטֶען פוּן דֶעם צֵייגְנִיס, אוּנְד דוּא זָאלְסְט לֵייגֶען דִיא דֶעק פוּן דִיא טִיר צוּ דֶעם מִשְׁכָּן :

6 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שְׁטֶעלֶען דֶעם אָפְּפֶער שְׁטוּהְל פוּן בְּרַאנְד אָפְּפֶער צוּ פַאר דִיא טִיר פוּן דֶעם מִשְׁכָּן פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג :

7 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שְׁטֶעלֶען דֶעם הַאנְד בֶּעקֶען צְוִוישֶׁען דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד צְוִוישֶׁען דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אַרֵיינגִיסֶען וַואסֶער :

8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שְׁטֶעלֶען דֶעם פָּארְהויף רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אויפְהֶענְגֶען דִיא דֶעק פוּן דִיא טִיר פוּן דֶעם פָּארהויף :

9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען דָאס אֵייל פוּן דִיא זַאלְבּוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַאלְבֶּען דָאס מִשְׁכָּן, אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז אִין אִיהְם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם הֵיילִיגֶען אוּנְד אַלֶע זַיינֶע גֶעפֶּעס, אוּנְד עֶס זָאל הֵיילִיג זַיין :

10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַאלְבֶּען דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל פוּן בְּרַאנְדאָפְּפֶער אוּנְד אַלֶע זַיינֶע גֶעפֶּעס, אוּנְד דוּא זָאלְסְט הֵיילִיגֶען דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל, אוּנְד דֶער אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל זָאל זַיין גַאנְץ הֵיילִיג :

11 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַאלְבֶּען דֶעם הַאנְדבֶּעקֶען אוּנְד זַיין פוּס, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם הֵיילִיגֶען :

12 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶענֶעהֶנֶען דֶעם אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן צוּ דִיא טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא וַואשֶׁען מִיט וַואסֶער :

13 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָנְקְלֵיידֶען דֶעם
אַהֲרֹן מִיט דִיא הֵיילִיגֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט אִיהְם זַאלְבֶּען, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט אִיהְם הֵיילִיגֶען, אַז עֶר זָאל זַיין
כֹּהֵן צוּ מִיר:
14 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶענֶעהֶנֶען זַיינֶע
זִיהְן אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַייא אָנְקְלֵיידֶען
מִיט דִיא הֶעמְדֶער:
15 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַייא זַאלְבֶּען
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט גֶעזַאלְבְּט
זַייעֶר פָאטֶער, אַז זַייא זָאלֶען כֹּהֲנִים
זַיין צוּ מִיר, אוּנְד זַיירֶע זַאלְבּוּנְג זָאל
גֶעוִויס זַיין צוּ זַייא צוּ אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע
כְּהוּנָה, צוּ זַיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער:
16 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעטְהוּן גְלֵייךְ
אַזוֹי וִויא אַלֶעס וָואס גָאט הָאט אִיהְם
גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעטְהוּן:
17 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
עֶרְשְׁטֶען חֹדֶשׁ, אִין דֶעם אַנְדֶערְן יָאהְר
אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען צוּ דֶעם חֹדֶשׁ, אִיז
דָאס מִשְׁכָּן אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען:
18 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט
דָאס מִשְׁכָּן אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט
זַיינֶע שְׁוֶועלֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעצְט
זַיינֶע בְּרֶעטֶער, אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶע־
לֵייגְט זַיינֶע רִיגְלֶען, אוּנְד עֶר הָאט
אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט זַיינֶע זַיילֶען:
19 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט דָאס
גֶעצֶעלְט אִיבֶּער דֶעם מִשְׁכָּן, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעלֵייגְט דִיא דֶעק פוּן דֶעם גֶע־
צֶעלְט אִיבֶּער אִיהְם פוּן אוֹיבֶּען, גְלֵייךְ
אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה:
20 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען אוּנְד עֶר
הָאט גֶעלֵייגְט דָאס צֵייגְנִיס אִין דֶעם
קַאסְטֶען אַרַיין, אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֵייגְט
דִיא טְרָאג־שְׁטַאנְגֶען אוֹיף דֶעם קַאסְטֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעצְט דָאס אִיבֶּער
דֶעקֶעל (כַּפֹּרֶת) אוֹיף דֶעם קַאסְטֶען
פוּן אוֹיבֶּען:
21 אוּנְד עֶר הָאט אַרַיין גֶעבְּרֶענְגְט
דֶעם קַאסְטֶען אִין דֶעם מִשְׁכָּן, אוּנְד עֶר
הָאט אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען דִיא פָארְהַאנְג פוּן
דִיא דֶעק, אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּערְגֶעדֶעקְט
דֶעם קַאסְטֶען פוּן דֶעם צֵייגְנִיס, גְלֵייךְ
אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם
מֹשֶׁה:
22 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט דֶעם
טִישׁ אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְ־
זַאמְלוּנְג אוֹיף דִיא צָפוֹן זַייט פוּן דֶעם
מִשְׁכָּן, אוֹיסֶענְוֵוייניג פוּן דֶעם פָארְהַאנְג:
23 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶערֶעכְט אוֹיף
אִיהְם דִיא אָרְדְנוּנְג פוּן דֶעם בְּרוֹיט צוּ
פַאר גָאט, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט
גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה:
24 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט דֶעם
לֵייכְטֶער אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא
פֶערְזַאמְלוּנְג, קֶעגֶען אִיבֶּער דֶעם טִישׁ
אוֹיף דִיא דָרוֹם זַייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן:
25 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעצִינְדֶען דִיא
לָאמְפֶּען צוּ פַאר גָאט, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא
גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה:
26 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט דֶעם
גָאלְדֶענֶען אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל אִין דֶעם
גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, צוּ פַאר
דֶעם פָארְהַאנְג:
27 אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעמְפְּט אוֹיף
אִיהְם רוֹיךְ וֶוערְק פוּן וָואהְלְשְׁמֶעקֶענְדֶע
גֶעוֶוערְץ, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט
גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה:
28 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען דִיא
דֶעק פוּן דִיא טִיר צוּ דֶעם מִשְׁכָּן:
29 אוּנְד דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל פוּן
בְּרַאנְד־אָפְּפֶער הָאט עֶר גֶעשְׁטֶעלְט
בֵּייא דִיא טִיר פוּן דֶעם מִשְׁכָּן פוּן דֶעם

גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעאָפְּפֶערְט אוֹיף אִיהְם דָאס בְּרַאנְד אָפְּפֶער אוּנְד דָאס שְׁפֵּייז אָפְּפֶער, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה:

30 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט דֶעם הַאנְדרְבֶּעקֶען צְווִישֶׁען דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג אוּנְד צְווִישֶׁען דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל, אוּנְד עֶר הָאט דָארְטֶען אַרֵיינְגֶעגָאסֶען וַואסֶער זִיךְ צוּ וַואשֶׁען:

31 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעוַואשֶׁען אוֹיס אִיהְם מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן, זֵיירֶע הֶענְד אוּנְד זֵיירֶע פִיס:

32 וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעוַואשֶׁען, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה:

33 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם פָארְהוֹיף רִינְגְס אַרוּם צוּ דֶעם מִשְׁכָּן אוּנְד צוּ דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען דִיא דֶעק פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם פָארְהוֹיף, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט פָאלֶענְדֶעט דָאס וֶוערְק:

34 אוּנְד דֶער וָואלְקֶען הָאט בֶּעדֶעקְט דָאס גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט הָאט דֶערְפִילְט דָאס מִשְׁכָּן:

35 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט נִיט גֶעקָאנְט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, וֵוייל דֶער וָואלְקֶען הָאט גֶערוּהְט אוֹיף אִיהְם, אוּנְד דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט הָאט דֶערְפִילְט דָאס מִשְׁכָּן:

36 אוּנְד וֶוען דֶער וָואלְקֶען אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם מִשְׁכָּן, הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעצוֹיגֶען אִין אַלֶע זֵיירֶע צִיהוּנְגֶען:

37 אוּנְד וֶוען דֶער וָואלְקֶען אִיז נִיט אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעצוֹיגֶען, בִּיז דֶעם טָאג אַז עֶר אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען:

38 דֶען דֶער וָואלְקֶען פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם מִשְׁכָּן בֵּייא טָאג, אוּנְד פֵייעֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף אִיהְם בֵּייא נַאכְט, צוּ פָאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם גַאנְצֶען הוֹיז יִשְׂרָאֵל, אִין אַלֶע זֵיירֶע צִיהוּנְגֶען:

## חזק.

אלע פסוקים פון דעם ספר שמות זענען איין טויזענד צווייא הונדערט אונד נײן. דיא העלפט דאפון איז קפיטעל כ"ב, כ"ז. אונד עס האט פירציג קאפיטעל, אונד עלף פרשיות.

# וַיִקְרָא:

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערוּפֶען צוּ מֹשֶׁה
אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ אִיהְם פוּן
דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא, זָאגֶען וֶוען אֵיין
מֶענְשׁ פוּן אֵייךְ וֶועט גֶעגֶעהְנֶען אֵיין
אָפְּפֶער צוּ גָאט, פוּן דִיא בְּהֵמוֹת, פוּן
דִיא רִינְדֶער אוּנְד פוּן דִיא שָׁאף זָאלְט
אִיהְר מַקְרִיב זֵיין אֵיירֶע אָפְּפֶער:
3 וֶוען זֵיין קָרְבָּן אִיז אֵיין בְּרַאנְד
אָפְּפֶער פוּן דִיא רִינְדֶער, אַזוֹי זָאל עֶר
גֶעגֶעהְנֶען אֵיין זָכָר אָהְן אַ פֶעהְלֶער, צוּ
דִיא טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא
פֶערְזַאמְלוּנְג זָאל עֶר עֶס גֶעגֶעהְנֶען, צוּ
אֵיין וָואהְלְגֶעפַאלֶען צוּ פַאר גָאט:
4 אוּנְד עֶר זָאל לֵייגֶען זֵיינֶע הַאנְד
אוֹיף דֶעם קָאפְּף פוּן דֶעם בְּרַאנְד אָפְּפֶער,
אַזוֹי וֶועט עֶס אָנְגֶענֶעהְם זֵיין פוּן זֵיינֶעט
וֶועגֶען, מְכַפֵּר צוּ זֵיין פַאר אִיהְם:
5 אוּנְד עֶר זָאל שֶׁעכְטֶען דָאס יוּנְגֶע
רִינְד צוּ פַאר גָאט, אוּנְד דִיא זִיהְן
פוּן אַהֲרֹן, דִיא כֹּהֲנִים, זָאלֶען גֶעגֶעהְנֶען
דָאס בְּלוּט, אוּנְד זֵייא זָאלֶען שְׁפְּרֶענְגֶען
דָאס בְּלוּט אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל
רִינְגְס אַרוּם, וָואס אִיז בֵּייא דִיא טִיר
פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג:
6 אוּנְד מֶען זָאל דִיא הוֹיט אָבְצִיהֶען
פוּן דֶעם בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד מֶען
זָאל עֶס צוּשְׁנֵיידֶען צוּ זֵיינֶע שְׁטִיקֶער:
7 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן דֶעם כֹּהֵן
זָאלֶען לֵייגֶען פֵייעֶר אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערְ־
שְׁטוּהְל, אוּנְד זֵייא זָאלֶען אֵיינְרִיכְטֶען
דִיא הֶעלְצֶער אוֹיף דֶעם פֵייעֶר:
8 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן, דִיא
כֹּהֲנִים, זָאלֶען אֵיינְרִיכְטֶען דִיא שְׁטִיקֶער,
דֶעם קָאפְּף אוּנְד דָאס פֶעט, אוֹיף דִיא
הֶעלְצֶער וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶעם פֵייעֶר,
וָואס אִיז אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל:
9 אָבֶּער זֵיין אֵיינְגֶעוֵוייד אוּנְד זֵיינֶע
שֶׁענְקֶעל זָאל מֶען וַואשֶׁען אִין וַואסֶער,
אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל דָאס אַלֶעס דֶעמְ־
פֶען אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל, עֶס אִיז
אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער,
אֵיין לִיבְּלִיכֶער גֶעשְׁמַאק צוּ גָאט:
10 אוּנְד וֶוען זֵיין אָפְּפֶער אִיז פוּן
דִיא שָׁאף, פוּן דִיא לֶעמֶער, אָדֶער פוּן
דִיא צִיגֶען, צוּ אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער,
אַזוֹי זָאל עֶר עֶס גֶעגֶעהְנֶען, אֵיין זָכָר
אָהְן אַ פֶעהְלֶער:
11 אוּנְד עֶר זָאל עֶס שֶׁעכְטֶען אוֹיף
דִיא צָפוֹן זֵייט פוּן דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל,
צוּ פַאר גָאט, אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן
דִיא כֹּהֲנִים, זָאלֶען שְׁפְּרֶענְגֶען זֵיין בְּלוּט
אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל רִינְגְס אַרוּם:
12 אוּנְד מֶען זָאל אִיהם צוּשְׁנֵיידֶען צוּ
זֵיינֶע שְׁטִיקֶער, אוּנְד זֵיין קָאפְּף אוּנְד
זֵיין פֶעט, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זֵיא
אֵיינְרִיכְטֶען אוֹיף דִיא הֶעלְצֶער וָואס
זֶענֶען אוֹיף דֶעם פֵייעֶר, וָואס אִיז אוֹיף
דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל:
13 אוּנְד דָאס אֵיינְגֶעוֵוייד אוּנְד דִיא
שֶׁענְקֶעל זָאל מֶען וַואשֶׁען אִין וַואסֶער,
אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל דָאס אַלֶעס גֶעגֶעהְ־
נֶען, אוּנְד עֶר זָאל עֶס דֶעמְפֶען אוֹיף דֶעם
אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל, דָאס אִיז אֵיין בְּרַאנְד
אָפְּפֶער, אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער, אֵיין
לִיבְּלִיכֶער גֶעשְׁמַאק צוּ גָאט:
14 אָבֶּער וֶוען זֵיין אָפְּפֶער אִיז אֵיין
בְּרַאנְד אָפְּפֶער פוּן פֵייגֶעל צוּ גָאט, אַזוֹי

זָאל עֶר גֶענֶעהְנֶען זַיין אָפְּפֶער פוּן דִיא
טוּירטוּיל טוּיבֶּען, אָדֶער פוּן דִיא יוּנְגֶע
טוּיבֶּען׃
15 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל עֶס גֶענֶעהְנֶען
צוּ דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל, אוּנְד עֶר זָאל
אָבְוֶוערְגֶען זַיין קָאפְּף, אוּנְד עֶר זָאל
דֶעמְפֶּען אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל, אוּנְד
זַיין בְּלוּט זָאל אוֹיסְגֶעדְרִיקְט וֶוערֶען אוֹיף
דִיא וַואנְד פוּן דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל׃
16 אוּנְד עֶר זָאל אָפְּטְהוּן זַיין קְרָאפְּף
מִיט דִיא פֶעדֶערְן, אוּנְד עֶר זָאל אִיהְם
וַוארְפֶען בֵּייא דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל קֵיין
מִזְרָח, צוּ דֶעם אָרְט פוּן דִיא אַשׁ׃
17 אוּנְד עֶר זָאל אִיהְם אֵיינְשְׁפַּאלְטֶען
אִין זַיינֶע פְלִיגֶעל, עֶר זָאל עֶס נִיט גַאנְץ
צוּשֵׁיידֶען, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל עֶס
דֶעמְפֶּען אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל, אוֹיף
דִיא הֶעלְצֶער וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶעם
פֵייעֶר, דָאס אִיז אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער,
אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער, אֵיין לִיבְּלִיכֶער
גֶעשְׁמַאק צוּ גָאט׃

קאפיטעל ב

א אוּנְד וֶוען אֵיינֶע זֶעלֶע וֶועט גֶער־
גֶעהְנֶען אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער צוּ גָאט,
זֶעמֶעל מֶעהְל זָאל זַיין אָפְּפֶער זַיין, אוּנְד
עֶר זָאל אֵייל גִיסֶען דְרוֹיף, אוּנְד עֶר
זָאל דְרוֹיף טְהוּן וַויירוֹיךְ׃
2 אוּנְד עֶר זָאל עֶס בְּרֶענְגֶען צוּ דִיא
זִיהְן פוּן אַהֲרֹן, דִיא כֹּהֲנִים אוּנְד עֶר
זָאל גֶעמֶען פוּן דָארְטֶען זַיינֶע הַאנְד
פוּל פוּן זַיין זֶעמֶעל מֶעהְל, אוּנְד פוּן
זַיין אֵייל מִיט זַיין גַאנְצֶען וַויירוֹיךְ,
אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל דֶעמְפֶּען זַיין גֶער־
דֶעכְטְנִיס אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל, אֵיין
פֵייעֶר אָפְּפֶער, אֵיין לִיבְּלִיכֶער גֶעשְׁמַאק
צוּ גָאט׃
3 אוּנְד וָואס אִיבְּרִיג בְּלֵייבְּט פוּן דֶעם
שְׁפֵּייז אָפְּפֶער, זָאל זַיין צוּ אַהֲרֹן אוּנְד
צוּ זַיינֶע זִיהְן, עֶס אִיז גַאנְץ הֵיילִיג פוּן
דִיא פֵייעֶר אָפְּפֶער פוּן גָאט׃
4 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט גֶענֶעהְנֶען
אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער, פוּן דֶעם וָואס אִיז
גֶעבַּאקֶען אִין דֶעם אוֹיפֶען, אַזוֹי זָאל עֶס
זַיין קוּכֶען פוּן זֶעמֶעל מֶעהְל, מַצוֹת,
גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל, אוּנְד דִינֶע מַצוֹת,
בֶּעשְׁמִירְט מִיט אֵייל׃
5 אוּנְד וֶוען דֵיין אָפְּפֶער אִיז אֵיין
שְׁפֵּייז אָפְּפֶער, עֶטוַואס גֶעבַּאקֶען אִין
אֵיינֶער פַאן, אַזוֹי זָאל עֶס זַיין זֶעמֶעל
מֶעהְל גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל, מַצָה זָאל
עֶס זַיין׃
6 דוּא זָאלְסְט עֶס טֵיילֶען אִין שְׁטִי־
קֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אֵייל דְרוֹיף
גִיסֶען, דָאס אִיז אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער׃
7 אוּנְד וֶוען דֵיין אָפְּפֶער אִיז אֵיין
שְׁפֵּייז אָפְּפֶער גֶעזָאטֶען אִין אֵיין קֶעסֶעל,
אַזוֹי זָאל עֶס גֶעמַאכְט וֶוערֶען פוּן זֶעמֶעל
מֶעהְל מִיט אֵייל׃
8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט בְּרֶענְגֶען דָאס
שְׁפֵּייז אָפְּפֶער וָואס אִיז גֶעמַאכְט פוּן
דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען, צוּ גָאט, אוּנְד מֶען
זָאל עֶס גֶענֶעהְנֶען צוּ דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד
עֶר זָאל עֶס גֶענֶעהְנֶען צוּ דֶעם אָפְּפֶער
שְׁטוּהְל׃
9 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל אָפְּשֵׁיידֶען פוּן
דֶעם שְׁפֵּייז אָפְּפֶער זַיין גֶערֶעכְטְנִיס,
אוּנְד עֶר זָאל עֶס דֶעמְפֶּען אוֹיף דֶעם
אָפְּפֶערשְׁטוּהְל, אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער, אֵיין
לִיבְּלִיכֶער גֶעשְׁמַאק צוּ גָאט׃
10 אוּנְד וָואס אִיבְּרִיג בְּלֵייבְּט פוּן
דֶעם שְׁפֵּייז אָפְּפֶער, זָאל זַיין צוּ אַהֲרֹן
אוּנְד צוּ זַיינֶע זִיהְן, גַאנְץ הֵיילִיג, פוּן
דִיא פֵייעֶר אָפְּפֶער פוּן גָאט׃
11 קֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער וָואס אִיהְר

װעט געגעהֶגען צו גָאט, זָאל נִיט גֶעמַאכְט װערֶען פוּן חָמֵץ, דֶען קֵיין חָמֵץ אוּנְד קֵיין הָאנִיג זָאלְט אִיהְר נִיט רֶעמְפֶּען דַאפוּן אִין אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט :

12 צוּ דֶעם אָפְּפֶער פוּן דִיא עֶרְשְׁט־לִינְגֶע זָאלְט אִיהְר זֵייא גֶעגֶעהֶגֶען צוּ גָאט, אָבֶּער צוּ דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל זָאלֶען זֵייא נִיט אוֹיפְגֵיין צוּ אֵיינֶעם לִיבְּלִיכֶען גֶעשְׁמַאק :

13 אוּנְד אִיטְלִיכֶעס אָפְּפֶער פוּן דֵיינֶע שְׁפֵּייז אָפְּפֶער זָאלְסְטוּ זַאלְצֶען מִיט זַאלְץ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט אָפְּטהוּן דָאס זַאלְץ פוּן דֶעם בּוּנְד פוּן דֵיין גָאט, פוּן דֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער, אוֹיף אַלֶע דֵיינֶע אָפְּפֶער זָאלְסְטוּ זַאלְץ גֶעגֶעהֶגֶען :

14 אוּנְד װען דוּא װעסְט גֶעגֶעהֶגֶען אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע פְּרוּכְט צוּ גָאט, גְרִינֶע זַאנְגֶען, גֶעדַארְט אִין פֵייעֶר, קְלֵיין גֶעשְׁטוֹיסֶען, זָאלְסְט דוּא גֶעגֶעהֶגֶען דָאס שְׁפֵּייז אָפְּפֶער פוּן דֵיינֶע עֶרְשְׁטֶע פְּרוּכְט :

15 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען דְרוֹיף אֵייל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן דְרוֹיף װייהְרוֹיךְ, דָאס אִיז אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער :

16 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל רֶעמְפֶּען זֵיין גֶעדֶעכְטְנִים פוּן דֶעם קְלֵיין גֶעשְׁטוֹיסֶע־נֶען אוּנְד פוּן אִיהְר אֵייל מִיט זֵיין גַאנְצֶען װייהְרוֹיךְ, עֶס אִיז אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט :

קאפיטעל ג

א אָבֶּער װען זֵיין אָפְּפֶער אִיז אֵיין פְּרִיד אָפְּפֶער, װען עֶר עֶס גֶעגֶעהֶנְט פוּן דִיא רִינְדֶער, אוֹיבּ אַ זָכָר אָדֶער נְקֵבָה, אַזוֹי זָאל עֶר עֶס גֶעגֶעהֶגֶען אָהְן אַ פֶעהְלֶער צוּ פַאר גָאט :

2 אוּנְד עֶר זָאל לֵייגֶען זֵיינֶע הַאנְד אוֹיף דֶעם קָאפְּף פוּן זֵיין אָפְּפֶער, אוּנְד עֶר זָאל עֶס שֶׁעכְטֶען בֵּייא דִיא טְהִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן, דִיא כֹּהֲנִים, זָאלֶען שְׁפְּרֶענְגֶען דָאס בְּלוּט אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל רִינְגְס אַרוּם :

3 אוּנְד עֶר זָאל גֶעגֶעהֶגֶען פוּן דֶעם פְּרִיד אָפְּפֶער, אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט, דָאס אִינְשְׁלִיט װָאס בֶּעדֶעקְט דָאס אֵיינְגֶעװֵייד, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע אִינְשְׁלִיט װָאס אִיז אוֹיף דֶעם אֵיינְגֶעװֵייד :

4 אוּנְד דִיא צְװֵייא נִיעֶרֶען, אוּנְד דָאס אִינְשְׁלִיט װָאס אִיז אוֹיף זֵייא, װָאס אִיז אוֹיף דִיא לֶענְדֶען, אוּנְד דָאס רוֹיט פְלֵיישׁ אִיבֶּער דֶער לֶעבֶּער מִיט דִיא נִיעֶרֶען זָאל עֶר עֶס אָפְּטְהוּן :

5 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן זָאלֶען עֶס רֶעמְפֶּען אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל אוֹיף דֶעם בְּרַאנְד אָפְּפֶער, װָאס אִיז אוֹיף דִיא הֶעלְצֶער װָאס זֶענֶען אוֹיף דֶעם פֵייעֶר, עֶס אִיז אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער, אֵיין לִיבְּלִיכֶער גֶעשְׁמַאק צוּ גָאט :

6 אוּנְד װען זֵיין אָפְּפֶער אִיז פוּן דִיא שָׁאף צוּ אֵיין פְּרִיד אָפְּפֶער צוּ גָאט, זָכָר אָדֶער נְקֵבָה, זָאל עֶר עֶס גֶעגֶעהֶגֶען אָהְן אַ פֶעהְלֶער :

7 װען עֶר גֶעגֶעהֶנְט אֵיין לַאם צוּ זֵיין אָפְּפֶער, אַזוֹי זָאל עֶר עֶס גֶעגֶעהֶגֶען צוּ פַאר גָאט :

8 אוּנְד עֶר זָאל לֵייגֶען זֵיינֶע הַאנְד אוֹיף דֶעם קָאפְּף פוּן זֵיין אָפְּפֶער, אוּנְד עֶר זָאל עֶס שֶׁעכְטֶען צוּ פַאר דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן זָאלֶען שְׁפְּרֶענְגֶען זֵיין בְּלוּט אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל רִינְגְס אַרוּם :

9 אוּנְד עֶר זָאל גֶעגֶעהֶגֶען פוּן דֶעם פְּרִיד אָפְּפֶער אַ פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט,

זיין אינשליט, דאס גאנצע וויידעל איבער
דעם ריקענביין זאל ער עס אפּטהון,
אונד דאס אינשליט וואס בעדעקט
דאס איינגעווייד, אונד דאס גאנצע אינ־
שליט וואס איז אויף דעם איינגעווייד:
10 אונד דיא צוויא ניערען, אונד דאס
אינשליט וואס איז אויף זייא, וואס איז
אויף דיא לענדען, אונד דאס רויט
פלייש איבער דער לעבער, מיט דיא
ניערען זאל ער עס אפּטהון:
11 אונד דער כהן זאל עס דעמפּפען
אויף דעם אָפּפערשטוהל, עס איז דיא
שפּייז פון דעם פייער אָפּפער צו גאט:
12 אונד ווען זיין פייער אָפּפער איז
איין ציג, אזוי זאל ער עס גענעהגען
צו פאר גאט:
13 אונד ער זאל לייגען זיינע האנד
אויף זיין קאפּף, אונד ער זאל עס
שעכטען צו פאר דעם געצעלט פון
דיא פערזאמלונג, אונד דיא זיהן פון
אהרן זאלען שפּרענגען זיין בלוט אויף
דעם אָפּפערשטוהל רינגס ארום:
14 אונד ער זאל גענעהגען פון איהם
זיין אָפּפער, איין פייער אָפּפער צו גאט,
דאס אינשליט וואס בעדעקט דאס
איינגעווייד, אונד דאס גאנצע אינשליט
וואס איז אויף דעם איינגעווייד:
15 אונד דיא צווייא ניערען, אונד
דאס אינשליט וואס איז אויף זייא, וואס
איז אויף דיא לענדען, אונד דאס רויט
פלייש איבער דער לעבער, מיט דיא
ניערען זאל ער עס אפּטהון:
16 אונד דער כהן זאל זייא דעמפּפען אויף
דעם אָפּפערשטוהל, עס איז דיא שפּייז
פון דעם פייער אָפּפער צו איין
ליבליכען געשמאק, דאס גאנצע אינשליט
געהערט צו גאט:

17 עס זאל זיין איין אייביגעס געזעץ
צו אייערע געשלעכטער, אין אלע אייערע
וואוינונגען, קיין אינשליט אונד קיין
בלוט זאלט איהר ניט עסען:

## קאפּיטעל ד

א אונד גאט האט גערעט צו משה
אזוי צו זאגען:
2 רעד צו דיא קינדער ישראל אזוי צו
זאגען, ווען איינע זעעלע וועט זינדיגען
דורך מיסגריף קעגען אלע דיא געבאָטע
פון גאט וואס זאָלען ניט געטהון ווערען,
אונד ער וועט טהון איינס פון זייא:
3 ווען דער געזאלבטער כהן וועט
זינדיגען וויא דיא שולד פון דעם פאלק,
אזוי זאל ער גענעהגען וועגען זיינע
זינד וואס ער האט געזינדיגט, איין
יונגען שטיר אהן פעהלער צו גאט
אלס איין זינד אָפּפער:
4 אונד ער זאל ברענגען דעם שטיר
צו דיא טהיר פון דעם געצעלט פון
דיא פערזאמלונג, צו פאר גאט, אונד
ער זאל לייגען זיינע האנד אויף דעם
קאפּף פון דעם שטיר, אונד ער זאל
שעכטען דעם שטיר צו פאר גאט:
5 אונד דער געזאלבטער כהן זאל
נעמען פון דעם בלוט פון דעם שטיר,
אונד ער זאל עס אריינברענגען צו דעם
געצעלט פון דיא פערזאמלונג:
6 אונד דער כהן זאל איינטינקען זיין
פינגער אין דעם בלוט, אונד ער זאל
שפּרענגען פון דעם בלוט זיבען מאל
צו פאר גאט, פאר דעם פארהאנג
פון דיא היילינקייט:
7 און דער כהן זאל טהון פון דעם
בלוט אויף דיא הערנער פון דעם
אָפּפערשטוהל פון רויך װערק פון
וואהלשמעקענדע געווערץ, צו פאר

גָאט, וָואס אִיז אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶּערזַאמְלוּנְג, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע בְּלוּט פוּן דֶעם שְׁטִיר זָאל עֶר אויסגִיסֶען צוּ דֶעם גְרוּנְד פוּן דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל פוּן בְּרַאנְד אָפְּפֶער, וָואס אִיז בֵּייא דִיא טְהִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶּערזַאמְלוּנְג:

8 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע אִינְשְׁלִיט פוּן דֶעם שְׁטִיר פוּן דֶעם זִינְד אָפְּפֶער, זָאל עֶר אָבשֵׁיידֶען פוּן אִיהְם, דָאס אִינְשְׁלִיט וָואס בֶּעדֶעקְט דָאס אֵיינְגֶעוֵוייד, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע אִינְשְׁלִיט וָואס אִיז אוֹיף דֶעם אֵיינְגֶעוֵוייד:

9 אוּנְד דִיא צְוֵוייא נִיעֶרֶען, אוּנְד דָאס אִינְשְׁלִיט וָואס אִיז אוֹיף זֵייא, וָואס אִיז אוֹיף דִיא לֶענְדֶען, אוּנְד דָאס רוֹיט פְלֵייש אִיבֶּער דֶער לֶעבֶּער, מִיט דִיא נִירֶען זָאל עֶר עֶס אָפְּטְהוּן:

10 גְלֵייך אַזוֹי וִויא עֶס אִיז אָפְּגֶעשֵׁייד גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם אָקְס פוּן דֶעם פְּרִיד אָפְּפֶער, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זֵייא דֶעמְפֶען אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל פוּן דֶעם בְּרַאנְד אָפְּפֶער:

11 אָבֶּער דִיא הוֹיט פוּן דֶעם שְׁטִיר אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעס פְלֵייש מִיט זֵיין קָאפְּף אוּנְד מִיט זֵיינֶע שֶׁענְקֶעל, אוּנְד זֵיין אֵיינְגֶעוֵוייד אוּנְד זֵיין מִיסְט:

12 אַזוֹי זָאל עֶר אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען דֶעם גַאנְצֶען שְׁטִיר אוֹיסֶענְוֵויינִיג צוּ דֶעם לַאגֶער, צוּ אֵיין רֵיינֶען אָרְט, וְואוּ מֶען דִיא אַשׁ אַרוֹיס שִׁיט, אוּנְד עֶר זָאל אִיהְם פֶערבְּרֶענֶען אוֹיף דִיא הֶעלְצֶער מִיט פַייעֶר, וְואוּ מֶען דִיא אַשׁ אַרוֹיס שִׁיט זָאל עֶר פֶערבְּרֶענְט וֶוערֶען:

13 אוּנְד וֶוען דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועט זִינְדִיגֶען דוּרְך מִיסגְרִיף, אוּנְד דִיא זַאך וֶועט פֶערבָּארְגֶען וֶוערֶען פוּן דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא פֶּערזַאמְלוּנְג, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען טְהוּן אֵיינְס פוּן אַלֶע גֶעבָּאטֶע פוּן גָאט וָואס זָאלֶען נִיט גֶעטְהוּן וֶוערֶען, אוּנְד זֵייא וֶוערְדֶען שׁוּלְדִיג וֶוערֶען:

14 אוּנְד דִיא זִינְד וֶועט בֶּעקַאנְט וֶוערֶען וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט דְרָאן, אַזוֹי זָאל דִיא גֶעמֵיינְדֶע גֶענֶעהְמֶען אֵיין יוּנְגֶען שְׁטִיר צוּ אֵיין זִינְד אָפְּפֶער, אוּנְד זֵייא זָאלֶען אִיהְם בְּרֶענְגֶען צוּ פַאר דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶּערזַאמְלוּנְג:

15 אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶע זָאלֶען לֵייגֶען זֵייעֶרֶע הַאנְד אוֹיף דֶעם קָאפְּף פוּן דֶעם שְׁטִיר צוּ פַאר גָאט, אוּנְד עֶר זָאל שֶׁעכְטֶען דֶעם שְׁטִיר צוּ פַאר גָאט:

16 אוּנְד דֶער גֶעזַאלְבְּטֶער כֹּהֵן זָאל בְּרֶענְגֶען פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם שְׁטִיר צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶּערזַאמְלוּנְג:

17 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל אֵייטוּנְקֶען זֵיין פִינְגֶער אִין דֶעם בְּלוּט, אוּנְד עֶר זָאל עֶס שְׁפְּרֶענְגֶען זִיבֶּען מָאל צוּ פַאר גָאט, צוּ פַאר דִיא פָארְהַאנְג:

18 אוּנְד פוּן דֶעם בְּלוּט זָאל עֶר טְהוּן אוֹיף דִיא הֶערְנֶער פוּן דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל וָואס אִיז צוּ פַאר גָאט, וָואס אִיז אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶּערזַאמְלוּנְג, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע בְּלוּט זָאל עֶר אויסגִיסֶען צוּ דֶעם גְרוּנְד פוּן דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל פוּן בְּרַאנְד אָפְּפֶער, וָואס אִיז בֵּייא דִיא טְהִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶּערזַאמְלוּנְג:

19 אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעס אִינְשְׁלִיט זָאל עֶר אָפְּשֵׁיידֶען פוּן אִיהְם, אוּנְד עֶר זָאל עֶס דֶעמְפֶען אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל:

20 אוּנְד עֶר זָאל טְהוּן צוּ דֶעם שְׁטִיר גְלֵייך אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ

דֶעם שְׁטִיר פוּן דֶעם זִינְד אָפְּפֶער, אַזוֹי זָאל עֶר טְהוּן צוּ אִיהְם, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל אוֹיף זֵייא מְכַפֵּר זַיין, אוּנְד עֶס וֶועט פַארְגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ זֵייא׃

21 אוּנְד עֶר זָאל אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען דֶעם שְׁטִיר אוֹיסֶענוֶוייניג פוּן דֶעם לַאגֶער, אוּנְד עֶר זָאל אִיהְם פַארבְּרֶענֶען גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא עֶר הָאט פַארבְּרֶענְט דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁטִיר, דָאס אִיז דָאס זִינְד אָפְּפֶער פוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶע׃

22 וֶוען אֵיין פִירְשְׁט וֶועט זִינְדִיגֶען, אוּנְד עֶר וֶועט טְהוּן אֵיינְס פוּן אַלֶע גֶעבָּאטֶע פוּן דֶעם האר זַיין גָאט וָואס זָאלֶען נִיט גֶעטְהוּן וֶוערֶען, דוּרְךְ מִיס־גְרִיף, אוּנְד עֶר וֶועט פַארשׁוּלְדֶען׃

23 וֶוען עֶס אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען צוּ אִיהְם זַיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעזִינְ־דִיגְט דְרָאן, אַזוֹי זָאל עֶר בְּרֶענְגֶען זַיין אָפְּפֶער, אֵיין בֶּעקֶעל פוּן דִיא צִיגֶען, אֵיין זָכָר, אָהְן אַ פֶעהְלֶער׃

24 אוּנְד עֶר זָאל לֵייגֶען זַיינֶע הַאנְד אוֹיף דֶעם קָאפְּף פוּן דֶעם בֶּעקֶעל, אוּנְד עֶר זָאל עֶס שֶׁעכְטֶען אִין דֶעם אָרְט וְואוּ מֶען שֶׁעכְטֶעט דָאס בְּרַאנְד אָפְּפֶער צוּ פַאר גָאט, דָאס אִיז אֵיין זִינְד אָפְּפֶער׃

25 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל נֶעמֶען פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם זִינְד אָפְּפֶער מִיט זַיין פִינְגֶער, אוּנְד עֶר זָאל טְהוּן אוֹיף דִיא הֶערְנֶער פוּן דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל אוּנְד זַיין בְּלוּט זָאל עֶר אוֹיסגִיסֶען צוּ דֶעם גְרוּנְד פוּן דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל פוּן בְּרַאנְד אָפְּפֶער׃

26 אוּנְד זַיין גַאנְצֶעס אִינְשְׁלִיט זָאל עֶר דֶערְמְפֶּען אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס אִינְשְׁלִיט פוּן דֶעם פְרִיד אָפְּפֶער, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל וֶועגֶען אִיהְם מְכַפֵּר זַיין זַיינֶע זִינְד, אוּנְד עֶס וֶועט פַארְגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ אִיהְם׃

27 אוּנְד וֶוען אֵיינֶע זֶעעֶלֶע וֶועט זִינְ־דִיגֶען דוּרְךְ מִיסגְרִיף, פוּן דֶעם פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד, אַז עֶר וֶועט טְהוּן אֵיינְס פוּן דִיא גֶעבָּאטֶע פוּן גָאט וָואס זָאלֶען נִיט גֶעטְהוּן וֶוערֶען, אוּנְד עֶר וֶועט פַארְשׁוּלְדֶען׃

28 וֶוען עֶס אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען צוּ אִיהְם זַיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעזִינְ־דִיגְט, אַזוֹי זָאל עֶר בְּרֶענְגֶען זַיין אָפְּפֶער, אֵיין בֶּעקֶעל פוּן דִיא צִיגֶען, אָהְן פֶעהְלֶער, אֵיינֶע נְקֵבָה, פוּן וֶועגֶען זַיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט׃

29 אוּנְד עֶר זָאל לֵייגֶען זַיינֶע הַאנְד אוֹיף דֶעם קָאפְּף פוּן דֶעם זִינְד אָפְּפֶער, אוּנְד עֶר זָאל שֶׁעכְטֶען דָאס זִינְד אָפְּפֶער אָן דֶעם אָרְט פוּן דֶעם בְּרַאנְד אָפְּפֶער׃

30 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל נֶעמֶען פוּן אִיהְר בְּלוּט מִיט זַיין פִינְגֶער, אוּנְד עֶר זָאל עֶס טְהוּן אוֹיף דִיא הֶערְנֶער פוּן דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל פוּן בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד אִיהְר גַאנְצֶעס בְּלוּט זָאל עֶר אוֹיסגִיסֶען צוּ דֶעם גְרוּנְד פוּן דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל׃

31 אוּנְד אִיהְר גַאנְצֶעס אִינְשְׁלִיט זָאל עֶר אָפְּטְהוּן גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס אִינְ־שְׁלִיט פוּן דֶעם פְרִיד אָפְּפֶער אִיז אָפְּגֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל דֶערְמְפֶּען אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל צוּ אֵיין לִיבְּלִיכֶען גֶעשְׁמַאק צוּ גָאט, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מְכַפֵּר זַיין אוֹיף אִיהְם, אוּנְד עֶס וֶועט אִיהְם פַארגֶעבֶּען וֶוערֶען׃

32 אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט בְּרֶענְגֶען אֵיין לַאם זַיין אָפְּפֶער צוּ אֵיין זִינְד אָפְּפֶער, אַזוֹי זָאל עֶר עֶס בְּרֶענְגֶען אֵיינֶע נְקֵבָה, אָהְן פֶעהְלֶער׃

אוּנְד

33 אוּנְד עֶר זָאל לֵייגֶען זַיינֶע הַאנְד אוֹיף דֶעם קָאפּף פוּן דֶעם זִינְד אָפּפֶּער, אוּנְד עֶר זָאל עֶס שֶׁעכְטֶען צוּ אַיין זִינְד אָפּפֶּער אִין דֶעם אָרְט וְואוּ מֶען שֶׁעכְט דָאס בְּרַאנְד אָפּפֶּער׃

34 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל נֶעמֶען פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם זִינְד אָפּפֶּער מִיט זַיין פִינְגֶער אוּנְד עֶר זָאל טְהוּן אוֹיף דִיא הֶערְנֶער פוּן דֶעם אָפּפֶּערשְׁטוּהְל פוּן בְּרַאנְד אָפּפֶּער, אוּנְד אִיהְר גַאנְצֶעס בְּלוּט זָאל עֶר אוֹיסגִיסֶען צוּ דֶעם גְרוּנְד פוּן דֶעם אָפּפֶּערשְׁטוּהְל׃

35 אוּנְד אִיהְר גַאנְצֶעס אִינשְׁלִיט זָאל עֶר אָפּטְהוּן גְלֵייךְ אַזוֹי וְויא עֶס אִיז אָפּגֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען דָאס אִינשְׁלִיט פוּן דֶעם לַאם פוּן דֶעם פְרִיד אָפּפֶּער, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זֵייא דֶעמְפֶּען אוֹיף דֶעם אָפּפֶּערשְׁטוּהְל, מִיט דִיא פֵייעֶר אָפּפֶּער פוּן גָאט, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מְכַפֵּר זַיין אוֹיף אִיהְם אוֹיף זַיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד עֶס וֶועט אִיהְם פַארגֶעבֶּען וֶוערֶען׃

## קאפיטעל ה

א אוּנְד וֶוען אֵיינֶע זֶעעֶלֶע וֶועט זִינְדִיגֶען, אוּנְד וֶועט הֶערֶען דִיא שְׁטִים פוּן אַיין פְלוּךְ, אוּנְד עֶר אִיז אַיין צֵייגְנִיס עֶנְטוֶועדֶער עֶר הָאט גֶעוֶועהֶען אָדֶער עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט, וֶוען עֶר וֶועט נִיט פַארצֵיילֶען, אַזוֹי זָאל עֶר טְרָאגֶען זַיינֶע אוּנגֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃

2 אָדֶער אֵיינֶע זֶעעֶלֶע וָואס וֶועט אָנְרִירֶען אָן אִיטְלִיכֶע אוּמְרֵיינֶע זַאךְ, עֶנְטוֶועדֶער אָן דִיא נְבֵלָה פוּן אֵיינֶע אוּמְרֵיינֶע חַיָה, אָדֶער אָן דִיא נְבֵלָה פוּן אֵיינֶע אוּמְרֵיינֶע בְּהֵמָה, אָדֶער אָן דִיא נְבֵלָה פוּן אַיין אוּמְרֵיין שֶׁרֶץ, אוּנְד עֶס וֶועט פַארבָּארְגֶען וֶוערֶען פוּן אִיהְם אַזוֹי אִיז עֶר אוּמְרֵיין, אוּנְד עֶר וֶועט פַארשׁוּלְדֶען׃

3 אָדֶער וֶוען עֶר וֶועט אָנְרִירֶען אָן דִיא אוּמְרֵיינִיגְקֵייט פוּן מֶענְשֶׁען צוּ אַלֶע זַיינֶע אוּמְרֵיינִיגְקֵייט, דוּרְךְ וָואס עֶר וֶועט אוּמְרֵיין וֶוערֶען, אוּנְד עֶס וֶועט פַארבָּארְגֶען וֶוערֶען פוּן אִיהְם, אָבֶּער עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט, אַזוֹי וֶועט עֶר פַארשׁוּלְדֶען׃

4 אָדֶער וֶוען אֵיינֶע זֶעעֶלֶע וֶועט שְׁוֶוערֶען אוֹיסרֵיידֶען מִיט דִיא לֶעפְּצֶען צוּ טְהוּן בֵּייז, אָדֶער צוּ טְהוּן גוּטֶעס, צוּ אַלֶעם וָואס דֶער מֶענְשׁ וֶועט רֵיידֶען מִיט דֶער שְׁבוּעָה, אוּנְד עֶס וֶועט פַארבָּארְגֶען וֶוערֶען פוּן אִיהְם, אָבֶּער עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט, אַזוֹי וֶועט עֶר פַארשׁוּלְדֶען אִין אֵיינֶעם פוּן דִיא דָאזִיגֶע׃

5 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, וֶוען עֶר וֶועט פַארשׁוּלְדֶען, אִין אֵיינֶעם פוּן דִיא דָאזִיגֶע, אוּנְד עֶר וֶועט מִתְוַדֶה זַיין, וָואס עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט דְרָאן׃

6 אַזוֹי זָאל עֶר בְּרֶענְגֶען זַיין שׁוּלְד אָפּפֶּער צוּ גָאט, וֶועגֶען זַיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט, אֵיינֶע נְקֵבָה פוּן דִיא שָׁאף, אֵיין לַאם, אָדֶער אֵיין בֶּעקֶעל פוּן דִיא צִיגֶען צוּ אֵיין זִינְד אָפּפֶּער, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מְכַפֵּר זַיין אוֹיף אִיהְם פוּן וֶועגֶען זַיינֶע זִינְד׃

7 אָבֶּער וֶוען זַיינֶע הַאנְד וֶועט נִיט גֶערֵייכֶען צוּ אֵיין לַאם, אַזוֹי זָאל עֶר בְּרֶענְגֶען אַלְס זַיין שׁוּלְד אָפּפֶּער וָואס עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט, צְווֵייא טוּרְטְוִיל טוֹיבֶּען אָדֶער צְווֵייא יוּנְגֶע טוֹיבֶּען, צוּ גָאט, אֵיינֶע צוּ אֵיין זִינְד אָפּפֶּער, אוּנְד אֵיינֶע צוּ אֵיין בְּרַאנְד אָפּפֶּער׃

8 אוּנְד עֶר זָאל זֵייא בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם

כהן, אונד ער זאל געגעהנען דאס וואס איז צו דעם זינד אָפּפער צוערשט, אונד ער זאל אָפּווערגען זיין קאָפּף פון קעגען זיין נאַקען, אָבער ער זאל עס ניט צושנײַדען :

9 אונד ער זאל שפּרענגען פון דעם בלוט פון דעם זינד אָפּפער אויף דער וואַנד פון דעם אָפּפערשטוהל, אונד וואס איבריג בלייבט אין דעם בלוט, זאל אויסגעדריקט ווערען צו דעם גרונד פון דעם אָפּפערשטוהל, דאס איז איין זינד אָפּפער :

10 אונד דיא אַנדערע זאל ער מאַכען איין בראַנד אָפּפער, גלייך אַזוי וויא דאס געריכט, אונד דער כהן זאל מכפּר זיין אויף איהם פון וועגען זיינע זינד וואס ער האט געזינדיגט, אונד עס וועט פאַרגעבען ווערען צו איהם :

11 אונד ווען זיינע האַנד וועט ניט גערייכען צו צוויא טורטויל טויבען, אָדער צו צוויא יונגע טויבען, אַזוי זאל ער ברענגען זיין אָפּפער וואס ער האט געזינדיגט, דאס צעהנטע טייל פון איין איפה פון זעמעל מעהל, אַלס איין זינד אָפּפער, ער זאל ניט טהון דרויף קיין אייל, אונד ער זאל ניט טהון דרויף קיין ווייהרויך, ווייל עס איז איין זינד אָפּפער :

12 אונד ער זאל עס ברענגען צו דעם כהן, אונד דער כהן זאל נעמען דאַפון זיינע האַנדפול איהר געדעכטניס, אונד ער זאל עס דעמפּפען אויף דעם אָפּפער־שטוהל מיט דיא פייער אָפּפער פון גאט, דאס איז איין זינד אָפּפער :

13 אונד דער כהן זאל מכפּר זיין אויף איהם פון וועגען זיינע זינד וואס ער האט געזינדיגט אין איינעם פון דיא דאזיגע, אונד עס וועט פאַרגעבען ווערען צו איהם, אונד עס זאל זיין צו דעם כהן גלייך אַזוי וויא דאס שפּייז אָפּפער :

14 אונד גאט האט גערעדט צו משה אַזוי צו זאגען :

15 ווען איינע זעעלע וועט איבער־טרעטען איינע איבערטרעטונג, אונד זיא וועט זינדיגען דורך מיסגריף אין דיא היילינגקייטען פון גאט, אַזוי זאל ער ברענגען זיין שולד אָפּפער צו גאט, איין ווידער, אָהן פעהלער, פון דיא שאָף, נאָך דיין שעצען נאָך, זילבערנע שקלים, נאָך דעם היילינגען שקל נאָך, צו איין שולד אָפּפער :

16 אונד וואס ער האט געזינדיגט אין דיא היילינגקייט זאל ער בעצאָהלען, אונד זיין פינפטען טייל זאל ער מעהר־רען דאַצו, אונד ער זאל עס געבען צו דעם כהן, אונד דער כהן זאל מכפּר זיין אויף איהם, מיט דעם ווידער פון דעם שולד אָפּפער, אונד עס וועט פאַרגעבען ווערען צו איהם :

17 אונד ווען איינע זעעלע וועט זינדי־גען, אונד וועט טהון איינס פון אַלע געבאָטע פון גאט וואס זאָלען ניט געטהון ווערען, אונד ער ווייס ניט, אַזוי וועט ער פאַרשולדען, אונד ער וועט טראָגען זיינע אונגערעכטיגקייט :

18 אונד ער זאל ברענגען איין ווידער אָהן פעהלער, פון דיא שאָף, נאָך דיינע שעצונג נאָך, צו איין שולד אָפּפער צו דעם כהן, אונד דער כהן זאל מכפּר זיין אויף איהם פון וועגען זיין מיסגריף וואס ער האט מיסגריפען, אונד ער האט ניט געוואוסט, אונד עס וועט פאַרגעבען ווערען צו איהם :

19 דָאס אִיז אֵיין שׁוּלְד אָפְּפֶער, עֶר הָאט פַארשׁוּלְדֶעט קֶעגֶען גָאט :

20 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה צוּ זָאגֶען :

21 װֶען אֵיינֶע זֶעלֶע װֶעט זִינְדִיגֶען אוּנְד װֶעט אִיבֶּערטְרֶעטֶען אֵיינֶע אִיבֶּערטְרֶעטוּנְג קֶעגֶען גָאט, אוּנְד עֶר װֶעט פַארלֵייגֶענֶען אָן זֵיין גֶעװֶעץ אִין אֵיינֶע בֶּעהַאלְטוּנְג, אָדֶער אִין אֵיינֶע בֶּעהִיטוּנְג אָדֶער אִין אֵיין רוֹיב, אָדֶער עֶר הָאט זֵיין גֶעװֶעץ בֶּעטְרָאגֶען :

22 אָדֶער עֶר הָאט גֶעפוּנֶען װָאס אִיז פַארלוֹירֶען גֶעװָארֶען, אוּנְד עֶר הָאט פַארלֵייקֶענְט דְרָאן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁװָארֶען מִיט שֶׁקֶר, אִיבֶּער אֵיינְס פוּן אַלֶעם װָאס דֶער מֶענְשׁ טְהוּט צוּ זִינְדִיגֶען אִין זֵייא :

23 אוּנְד עֶס װֶעט זֵיין װֶען עֶר װֶעט זִינְדִיגֶען אוּנְד עֶר װֶעט פַארשׁוּלְדֶען, אַזוֹי זָאל עֶר צוּרִיקְגֶעבֶּען דֶעם רוֹיב װָאס עֶר הָאט גֶענוּמֶען מִיט גֶעװַאלְט, אָדֶער דֶעם בֶּעטְרָאג װָאס עֶר הָאט בֶּעטְרָאגֶען, אָדֶער דִיא בֶּעהַאלְטוּנְג װָאס אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעװָארֶען צוּ אִיהְם, אָדֶער דָאס פַארלוֹירֶענֶע װָאס עֶר הָאט גֶעפוּנֶען :

24 אָדֶער פוּן אַלֶעם װָאס עֶר װֶעט שְׁװֶערֶען דְרוֹיף מִיט שֶׁקֶר, אַזוֹי זָאל עֶר אִיהְם בֶּעצָאהְלֶען מִיט זֵיין הוֹיפְּטצָאהְל, אוּנְד זֵיין פִינְפְטֶעס טֵייל זָאל עֶר מֶעהְרֶען דַאצוּ, עֶר זָאל עֶס גֶעבֶּען צוּ דֶעם צוּ װֶעלְכֶעם עֶס גֶעהֶערְט, אִין דֶעם טָאג פוּן זֵיין שׁוּלְד :

35 אוּנְד זֵיין שׁוּלְד אָפְּפֶער זָאל עֶר בְּרֶענְגֶען צוּ גָאט, אֵיין װִידֶער, אָהְן פֶעהְלֶער, פוּן דִיא שָׁאף, נָאךְ דֵיינֶע שֶׁעצוּנְג נָאךְ, צוּ אֵיין שׁוּלְד אָפְּפֶער, צוּ דֶעם כֹּהֵן :

26 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מְכַפֵּר זֵיין אוֹיף אִיהְם צוּ פַאר גָאט, אוּנְד עֶס װֶעט פַארגֶעבֶּען װֶערֶען צוּ אִיהְם, אִיבֶּער אֵיינְס פוּן אַלֶעם װָאס עֶר װֶעט טְהוּן צוּ פַארשׁוּלְדֶען דְרָאן :

## צו

### קאפיטעל ו

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה צוּ זָאגֶען :

2 גֶעבִּיט דֶעם אַהֲרֹן אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן צוּ זָאגֶען, דָאס דָאזִיגֶע אִיז דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דֶעם בְּרַאנְד אָפְּפֶער, דָאס אִיז דָאס בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוֹיף דֶעם בְּרֶענְאָרְט, אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל, דִיא גַאנְצֶע נַאכְט בִּיז דֶעם מָארְגֶען, אוּנְד דָאס פֵייעֶר פוּן דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל זָאל בְּרֶענֶען דְרוֹיף :

3 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל אָנְקְלֵיידֶען זֵיין לֵיינֶענֶעם הֶעמְד, אוּנְד זֵיינֶע לֵיינֶענֶע הוֹיזֶען זָאל עֶר אָנְקְלֵיידֶען אוֹיף זֵיין פְלֵיישׁ, אוּנְד עֶר זָאל אַרָאפּ נֶעמֶען דָאס אַשׁ, װֶען דָאס פֵייעֶר װֶעט פַארצֶעהְרֶען דָאס בְּרַאנְד אָפְּפֶער אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל, אוּנְד עֶר זָאל עֶס אַהִין לֵייגֶען בֵּייא דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל :

4 אוּנְד עֶר זָאל אוֹיסְצִיהֶען זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנד עֶר זָאל אָנְקְלֵיידֶען אַנְדֶערֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר זָאל אַרוֹיס בְּרֶענְגֶען דָאס אַשׁ אוֹיסֶענְװֵיינִיג צוּ דֶעם לָאגֶער צוּ אֵיינֶעם רֵיינֶען אָרְט :

5 אוּנְד דָאס פֵייעֶר אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל זָאל בְּרֶענֶען אוֹיף אִיהְם, עֶס זָאל נִיט פַארלֶעשֶׁען, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל בְּרֶענֶען הֶעלְצֶער אוֹיף אִיהְם, אִיטְלִיכֶען מָארְגֶען, אוּנְד עֶר זָאל אֵיינְרִיכְטֶען אוֹיף אִיהְם דָאס בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד עֶר זָאל דֶעמְפֶען אוֹיף אִיהְם דָאס



אינשליט

אִינְשְׁלִיט פוּן דֶעם פְרִיד אָפְּפֶער:
6 אַיין בֶּעשְׁטֶענְדִיג פַייעֶר זָאל בְּרֶענֶען
אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל, עֶס זָאל נִיט
פַארלָאשֶׁען וֶוערֶען:
7 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע אִיז דִיא לֶערְנוּנְג
פוּן דֶעם שְׁפֵּייז אָפְּפֶער, דִיא זִיהְן פוּן
אַהֲרֹן זָאלֶען עֶס גֶענֶעהֶנֶען צוּ פַאר גָאט,
צוּ פַאר דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל:
8 אוּנְד עֶר זָאל אָפְּשֵׁיידֶען פוּן אִיהְם
מִיט זַיין פוֹיסְט פוּן דֶעם זֶעמֶעל מֶעהְל
פוּן דֶעם שְׁפֵּייז אָפְּפֶער, אוּנְד פוּן זַיין
אֵייל, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע ווֵייהְרוֹיך וָואס
אִיז אוֹיף דֶעם שְׁפֵּייז אָפְּפֶער, אוּנְד עֶר
זָאל דֶעמְפֶּען אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל
אַיין לִיבְּלִיכֶען גֶעשְׁמַאק, זַיין גֶעדֶעכְטְ־
נִיס צוּ גָאט:
9 אוּנְד וָואס אִיבְּרִיג בְּלֵייבְּט פוּן אִיהְם
זָאלֶען אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן עֶסֶען,
מִיט מַצּוֹת זָאל עֶס גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען
אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט, אִין דֶעם פָאר־
הוֹיף פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא
פֶערזַאמְלוּנְג זָאלֶען זֵייא עֶס עֶסֶען:
10 עֶס זָאל נִיט גֶעבַּאקֶען וֶוערֶען
גֶעזֵייעֶרְט, זֵייעֶר טֵייל הָאבּ אִיךְ עֶס
גֶעגֶעבֶּען פוּן מֵיינֶע פֵייעֶראָפְּפֶער, דָאס
אִיז גַאנְץ הֵיילִיג גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא דָאס
זִינְד אָפְּפֶער אוּנְד גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא דָאס
שׁוּלְד אָפְּפֶער:
11 אִיטְלִיכֶע מַאנְסְפֶּערְזָאן אוּנְטֶער דִיא
קִינְדֶער פוּן אַהֲרֹן זָאל עֶס עֶסֶען, עֶס
זָאל זַיין אַיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ צוּ אֵיי־
רֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דִיא פֵייעֶראָפְּפֶער
פוּן גָאט, אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט זֵייא
אָנְרִירֶען זָאל הֵיילִיג זַיין:
12 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
13 דָאס דָאזִיגֶע אִיז דָאס אָפְּפֶער פוּן
אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן וָואס זֵייא זָאלֶען
גֶענֶעהֶנֶען צוּ גָאט, אִין דֶעם טָאג אַז
עֶר וֶועט גֶעזַאלְבְּט וֶוערֶען, דָאס צֶעהְנְ־
טֶע טֵייל פוּן אַיין אֵיפָה פוּן זֶעמֶעל
מֶעהְל, אַיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער בֶּעשְׁטֶענְדִיג,
אִיהְרֶע הֶעלְפְט אִין דֶעם מָארְגֶען, אוּנְד
אִיהְרֶע הֶעלְפְט אִין דֶעם אָבֶענְד:
14 אוֹיף אַיינֶע פְּפַאן מִיט אֵייל זָאל
עֶס גֶעמַאכְט וֶוערֶען, גֶעמִישְׁט זָאלְסְטוּ
עֶס בְּרֶענְגֶען, גֶעבַּאקֶענֶע שְׁטִיקֶער פוּן
דֶעם שְׁפֵּייזאָפְּפֶער זָאלְסְטוּ גֶענֶעהֶנֶען,
אַיין לִיבְּלִיכֶער גֶעשְׁמַאק צוּ גָאט:
15 אוּנְד דֶער כֹּהֵן פוּן זַיינֶע זִיהְן וָואס
אִיז גֶעזַאלְבְּט אָן זַיין שְׁטָאט, זָאל עֶס
מַאכֶען, עֶס זָאל זַיין אַיין אֵייבִּיגֶעס
גֶעזֶעץ צוּ גָאט, עֶס זָאל גַאנְץ גֶעדֶעמְפְּט
וֶוערֶען:
16 אוּנְד אִיטְלִיכֶעס שְׁפֵּייז אָפְּפֶער פוּן
אַיין כֹּהֵן זָאל גַאנְץ פֶערְבְּרֶענְט זַיין, עֶס
זָאל נִיט גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען:
17 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
18 רֶעד צוּ אַהֲרֹן אוּנְד צוּ זַיינֶע זִיהְן
צוּ זָאגֶען, דָאס דָאזִיגֶע אִיז דִיא לֶער־
נוּנְג פוּן דֶעם זִינְד אָפְּפֶער, אִין דֶעם
אָרְט ווְאוּ דָאס בְּרַאנְד אָפְּפֶער וֶועט
גֶעשְׁאכְטֶען וֶוערֶען זָאל דָאס זִינְד
אָפְּפֶער גֶעשְׁאכְטֶען וֶוערֶען, צוּ פַאר
גָאט, דָאס אִיז גַאנְץ הֵיילִיג:
19 דֶער כֹּהֵן וָואס רֵיינִיגְט עֶס דֶער
זָאל עֶס עֶסֶען, אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט
זָאל עֶס גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען, אִין דֶעם
פָאר־הוֹיף פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא
פֶערזַאמְלוּנְג:
20 אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט אָנְרִירֶען אָן
זַיין פְלֵיישׁ זָאל הֵיילִיג זַיין, אוּנְד דֶער
וָואס וֶועט שְׁפְּרֶענְגֶען פוּן זַיין בְּלוּט

אוֹיף דָאס קְלֵייד וָואס עֶר וֶועט דְרוֹיף
שְׁפְּרֶענְגֶען, זָאלְסְט דוּא וַואשֶׁען אִין דֶעם
הֵיילִיגֶען אָרְט:
21 אוּנְד דָאס אִירְדֶענֶע גֶעפֶּעס, אִין
וֶועלְכֶעס עֶס וֶועט גֶעקָאכְט וֶוערֶען,
זָאל צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען, אוּנְד וֶוען עֶס
אִיז גֶעקָאכְט גֶעוָוארֶען אִין אֵיין גֶעפֶּעס
פוּן קוּפֶּפֶער, אַזוֹי זָאל עֶס גֶערֵיינִיגְט
וֶוערֶען, אוּנְד עֶס זָאל גֶעשְׁוֶוענְקְט
וֶוערֶען מִיט וַואסֶער:
22 אִיטְלִיכֶע מַאנְסְפֶּערְזָאן אוּנְטֶער
דִיא כֹּהֲנִים זָאל עֶס עֶסֶען, דָאס אִיז
גַאנְץ הֵיילִיג:
23 אוּנְד אִיטְלִיכֶעס זִינְד אָפְּפֶער, וָואס
פוּן זַיין בְּלוּט אִיז גֶעבְּרֶענְגְט גֶעוָוארֶען
צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג,
מְכַפֵּר צוּ זַיין אִין דִיא הֵיילִיגְקֵייט, זָאל
נִיט גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען, עֶס זָאל פֶער־
בְּרֶענְט וֶוערֶען מִיט פַייעֶר:

קאפיטעל ז

א אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע אִיז דִיא לֶערְנוּנְג
פוּן דֶעם שׁוּלְד אָפְּפֶער, עֶס אִיז גַאנְץ
הֵיילִיג:
2 אִין דֶעם אָרְט וְואוּ זַייא שֶׁעכְטֶען
דָאס בְּרַאנְד אָפְּפֶער, זָאלֶען זַייא שֶׁעכְ־
טֶען דָאס שׁוּלְד אָפְּפֶער, אוּנְד זַיין
בְּלוּט זָאל עֶר שְׁפְּרֶענְגֶען אוֹיף דֶעם
אָפְּפֶערשְׁטוּהְל רִינְגְס אַרוּם:
3 אוּנְד זַיין גַאנְצֶעס אִינְשְׁלִיט זָאל עֶר
גֶענֶעהֶגֶען פוּן אִיהְם דָאס וֵויידֶעל,
אוּנְד דָאס אִינְשְׁלִיט וָואס בֶּעדֶעקְט
דָאס אֵיינְגֶעוֵוייד:
4 אוּנְד דִיא צְווייא נִירֶען, אוּנְד דָאס
אִינְשְׁלִיט וָואס אִיז אוֹיף זַייא, וָואס
אִיז אוֹיף דִיא לֶענְדֶען, אוּנְד דָאס רוֹיט
פְלֵייש אוֹיף דֶער לֶעבֶּער, מִיט דִיא
נִירֶען זָאל מֶען עֶס אָפְּטְהוּן:
5 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זַייא דֶעמְפֶּען
אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטְהוּל, אֵיין פַייעֶר
אָפְּפֶער צוּ גָאט, דָאס אִיז אֵיין שׁוּלְד
אָפְּפֶער:
6 אִיטְלִיכֶע מַאנְסְפֶּערְזָאן אוּנְטֶער
דִיא כֹּהֲנִים זָאלֶען עֶס עֶסֶען, אִין דֶעם
הֵיילִיגֶען אָרְט זָאל עֶס גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען
עֶס אִיז גַאנְץ הֵיילִיג:
7 גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס זִינְד אָפְּפֶער,
אַזוֹי זָאל אוֹיךְ דָאס שׁוּלְד אָפְּפֶער זַיין,
אֵיינֶע לֶערְנוּנְג צוּ זַייא, דֶער כֹּהֵן וָואס
וֶועט מְכַפֵּר זַיין מִיט אִיהְם, צוּ אִיהְם
זָאל עֶס זַיין:
8 אוּנְד דֶער כֹּהֵן וָואס גֶענֶעהְנְט דָאס
בְּרַאנְד אָפְּפֶער פוּן אֵיין מֶענְשׁ, דִיא
הוֹיט פוּן דֶעם בְּרַאנְד אָפְּפֶער וָואס
עֶר הָאט גֶענֶעהְנְט זָאל זַיין צוּ דֶעם
כֹּהֵן, עֶס זָאל צוּ אִיהְם זַיין:
9 אוּנְד אִיטְלִיכֶעס שְׁפֵּייז אָפְּפֶער וָואס
וֶועט גֶעבַּאקֶען וֶוערֶען אִין דֶעם אוֹיפֶען,
אוּנְד אִיטְלִיכֶעס וָואס אִיז גֶעמַאכְט אִין
דֶעם קֶעסֶעל, אוּנְד אוֹיף דִיא פַאן, צוּ
דֶעם כֹּהֵן וָואס גֶענֶעהְנְט עֶס, צוּ אִיהְם
זָאל עֶס זַיין:
10 אוּנְד אִיטְלִיכֶעס שְׁפֵּייז אָפְּפֶער
גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל אָדֶער טְרוּקֶען, זָאל
זַיין צוּ אַלֶע זִיהְן פוּן אַהֲרֹן, אֵיינֶער
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דֶער אַנְדֶערֶער:
11 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע אִיז דִיא לֶערְ־
נוּנְג פוּן דֶעם פְרִיד אָפְּפֶער וָואס מֶען
וֶועט גֶענֶעהֶגֶען צוּ גָאט:
12 וֶוען מֶען וֶועט עֶס גֶענֶעהֶגֶען פוּן
וֶועגֶען אֵיין דַאנְק אָפְּפֶער, אַזוֹי זָאל
מֶען גֶענֶעהֶגֶען מִיט דֶעם דַאנְק אָפְּפֶער
קוּכֶען, מַצּוֹת, גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל,
אוּנְד דִינֶע קוּכֶען בֶּעשְׁמִירְט מִיט אֵייל
אוּנְד וֶועמֶעל מֶעהְל גֶעמֶענְגְט, קוּכֶען

גְעמִישְׁט מִיט אֵייל׃
13 מִיט דִיא קוּכְע פוּן גְעזֵייעֶרְט
בְּרוֹיט זָאל עֶר זֵיין אָפְּפֶער בְּרֶענְגֶען
מִיט דֶעם דַאנְק אָפְּפֶער פוּן זֵיינֶע
פְרִיד אָפְּפֶער׃
14 אוּנְד עֶר זָאל גֶעגֶעהֶנֶען פוּן אִיהְם
אֵיינְס פוּן אִיטְלִיכֶעס אָפְּפֶער, אֵיינֶע
אָבְּשֵׁיידוּנְג צוּ גָאט, צוּ דֶעם כֹּהֵן וָואס
שְׁפְּרֶענְגְט דָאס בְּלוּט פוּן דֶעם פְרִיד
אָפְּפֶער, צוּ אִיהְם זָאל עֶס זֵיין׃
15 אוּנְד דָאס פְלֵיישׁ פוּן דֶעם דַאנְק
אָפְּפֶער פוּן זֵיינֶע פְרִיד אָפְּפֶער, זָאל
גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען אִין דֶעם טָאג פוּן זֵיין
אָפְּפֶער, עֶר זָאל נִיט אִיבֶּער לָאזֶען פוּן
אִיהם בִּיז מָארְגֶען׃
16 אוּנְד וֶוען זֵיין אָפְּפֶער אִיז אַ נֶדֶר
אָדֶער אַ פְרֵייוִוילִיגֶעס אָפְּפֶער, אִין דֶעם
טָאג אַז עֶר גֶעגֶעהְנְט זֵיין אָפְּפֶער זָאל
עֶס גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען, אוּנְד אוֹיךְ אִין
דֶעם מָארְגֶענְדֶען טָאג זָאל דָאס אִיבֶּער
גֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן אִיהם גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען׃
17 אָבֶּער דָאס אִיבֶּערגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן
דֶעם פְלֵיישׁ פוּן דֶעם אָפְּפֶער אִין דֶעם
דְרִיטֶען טָאג זָאל פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען
מִיט פֵייעֶר׃
18 אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט גֶעגֶעסֶען וֶוער־
רֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ פוּן דֶעם פְרִיד
אָפְּפֶער אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג, אַזוֹי
וֶועט דֶער נִיט וָואהְלְגֶעפֶעלִיג זֵיין וָואס
הָאט עֶס גֶעגֶעהְנְט, עֶס וֶועט נִיט
גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען צוּ אִיהְם, עֶס זָאל
אוּמְוִוירְדִיג זֵיין, אוּנְד דִיא זֶעעֶלֶע וָואס
וֶועט עֶסֶען דַאפוּן זָאל טְרָאגֶען אִיהְרֶע
אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃
19 אוּנְד דָאס פְלֵיישׁ וָואס וֶועט אָנְ־
רִיהְרֶען אָן אִיטְלִיכֶע אוּמְרֵיינִיגְקֵייט זָאל
נִיט גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען, מִיט פֵייעֶר זָאל
עֶס פֶערבְּרֶענְט וֶוערֶען, אוּנְד דָאס
פְלֵיישׁ, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז רֵיין זָאל
עֶסֶען דָאס פְלֵיישׁ׃
20 אוּנְד דִיא זֶעעֶלֶע וָואס וֶועט עֶסֶען
דָאס פְלֵיישׁ פוּן דֶעם פְרִיד אָפְּפֶער,
וָואס אִיז צוּ גָאט, אוּנְד זֵיינֶע אוּמְרֵיי־
נִיקֵייט אִיז אוֹיף אִיהְם, אַזוֹי זָאל
דִיזֶעלְבִּיגֶע זֶעעֶלֶע פֶערְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען
פוּן אִיהְר פָאלק׃
21 אוּנְד וֶוען אֵיינֶע זֶעעֶלֶע וֶועט אָנ־
רִיהְרֶען אָן אַלֶערְלֵייא אוּמְרֵיינֶעס, אָן
דִיא אוּמְרֵיינִיקֵייט פוּן אַ מֶענְשׁ, אָדֶער
אָן אֵיינֶע אוּמְרֵיינֶע בְּהֵמָה, אָדֶער אָן
אַלֶערְלֵייא אוּמְרֵיינֶע אוּמְוִוירְדִיגְקֵייט,
אוּנְד וֶועט עֶסֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ פוּן
דֶעם פְרִיד אָפְּפֶער וָואס אִיז צוּ גָאט,
אַזוֹי זָאל דִיזֶעלְבִּיגֶע זֶעעֶלֶע פֶערְשְׁנִיטֶען
וֶוערֶען פוּן אִיהְר פָאלְק׃
22 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
23 רֵייד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל צוּ
זָאגֶען, קֵיין אִינְשְׁלִיט פוּן אָקְס אָדֶער
פוּן לַאם אָדֶער פוּן צִיגֶען, זָאלְט אִיהְר
נִיט עֶסֶען׃
24 אוּנְד דָאס אִינְשְׁלִיט פוּן אֵיין נְבֵלָה,
אוּנְד דָאס אִינְשְׁלִיט פוּן אֵיין פֶערְצוּקְ־
טֶעס, זָאל גֶעמַאכְט וֶוערֶען צוּ אַלֶערְ־
לֵייא וֶוערְק, אָבֶּער אִיהְר זָאלְט עֶס
נִיט עֶסֶען׃
25 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס עֶסְט אִינְשְׁלִיט
פוּן דֶער בְּהֵמָה וָואס מֶען וֶועט גֶע־
נֶעהֶנֶען דַאפוּן אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ
גָאט, אַזוֹי זָאל דִיא זֶעעֶלֶע וָואס עֶסְט
עֶס פֶערְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן אִיהְר פָאלְק׃
26 אוּנְד קֵיין בְּלוּט זָאלְט אִיהְר נִיט
עֶסֶען אִין אַלֶע אֵייעֶרֶע וְואוֹינוּנְגֶען, פוּן
פֶיגֶעל אָדֶער פוּן בְּהֵמָה׃

27 איטליכע זעעלע וואס וועט עסען אערגעץ בלוט, אזוי זאל דיא זעלביגע זעעלע פארשניטען ווערען פון איהר פאלק:

28 אונד גאט האט גערעדעט צו משה אזוי צו זאגען:

29 רייד צו דיא קינדער ישראל אזוי צו זאגען, דער וואס געגעהנט זיין פריד אפפער צו גאט, זאל ברענגען זיין אפפער צו גאט פון זיין פרידאפפער:

30 זיינע הענד זאלען ברענגען דיא פייער אפפער פון גאט, דאס אינשליט אויף דיא ברוסט. זאל ער ברענגען, דיא ברוסט, עס אויף צו הייבען איינע אויפהייבונג פאר גאט:

31 אונד דער כהן זאל דעמפפען דאס אינשליט אויף דעם אפפער שטוהל, אונד דיא ברוסט זאל זיין צו אהרן אונד צו זיינע זיהן:

32 אונד דיא רעכטע שולטער זאלט איהר געבען איינע אבשיידונג צו דעם כהן פון אייערע פריד אפפער:

33 דער פון דיא קינדער פון אהרן וואס געגעהנט דאס בלוט פון דיא פריד אפפער אונד דאס אנשליט, צו איהם זאל זיין דיא רעכטע שולטער צו איין טייל:

34 דען דיא ברוסט פון דיא אויפהייבונג, אונד דיא שולטער פון דיא אבשיידונג האב איך גענומען פון דיא קינדער ישראל פון זייערע פריד אפפער, אונד איך האב זייא געגעבען צו אהרן דעם כהן, אונד צו זיינע זיהן, צו איין אייביגעס געזעץ פאר דיא קינדער ישראל:

35 דאס איז דיא זאלבונג פון אהרן אונד דיא זאלבונג פון זיינע זיהן פון דיא פייער אפפער פון גאט, אין דעם טאג אז ער האט זייא געגעהנט צו זיין כהנים צו גאט:

36 וואס גאט האט געבאטען צו געבען צו זייא, אין דעם טאג אז ער האט זייא געזאלבט, פון דיא קינדער ישראל, איין אייביגעס געזעץ צו זייערע געשלעכטער:

37 דאס איז דיא לערנונג פון דעם ברנד אפפער, אונד פון דעם שפייז אפפער, אונד פון דעם זינד אפפער, אונד פון דעם שולד אפפער אונד פון דיא ערפילונג אונד פון דעם פריד אפפער:

38 וואס גאט האט געבאטען צו משה אויף דעם בארג סיני, אין דעם טאג וועלכען ער האט געבאטען דיא קינדער ישראל צו געגעהנען זייערע אפפער צו גאט אין דער וויסטע סיני:

## קאפיטעל ח

א אונד גאט האט גערעדעט צו משה אזוי צו זאגען:

2 נעם דעם אהרן אונד זיינע זיהן מיט איהם, אונד דיא קליידער אונד דאס אייל פון דיא זאלבונג, אונד דעם שטיר פון דעם זינד אפפער אונד דיא צווייא ווידער, אונד דעם קארב פון מצות:

3 אונד פערזאמעל דיא גאנצע געמיינדע צו דער טהיר פון דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג:

4 אונד משה האט געטהון גלייך אזוי וויא גאט האט איהם געבאטען, אונד דיא געמיינדע האט זיך פערזאמעלט צו דער טהיר פון דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג:

5 אונד משה האט געזאגט צו דיא געמיינדע, דאס איז דאס ווארט וואס גאט האט געבאטען צו טהון:



אהרן

6 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענֶעהנְט דֶעם
אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן. אוּנְד עֶר הָאט
זֵייא גֶעוָואשֶׁען מִיט וַואסֶער:
7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן אוֹיף אִיהְם
דָאס הֶעמְד, אוּנְד עֶר הָאט אִיהם אָנְ־
גֶעגַארְטֶעלְט מִיט דֶעם גַארְטֶעל, אוּנְד
עֶר הָאט אִיהְם אָנְגֶעקְלֵיידֶעט מִיט דֶעם
אוֹיבֶער הֶעמְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן
אוֹיף אִיהְם דֶעם אֵפֹד, אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם אָנְגֶעגַארְטֶעלְט מִיט דֶעם
גַארְטֶעל פוּן דֶעם אֵפֹד אוּנְד עֶר הָאט
אִיהְם גֶעגַארְטֶעלְט דַאמִיט:
8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן אוֹיף אִיהְם
דִיא בְּרוּסְט שְׁפַּאן, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
לֵייגְט אוֹיף דִיא בְּרוּסְט שְׁפַּאן דִיא
אוּרִים אוּנְד תֻּמִּים:
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעצְט דִיא הוֹיב
אוֹיף זַיין קָאפְּף, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעצְט
אוֹיף דִיא הוֹיב, גֶעגֶען אִיבֶּער דִיא
פָארְדֶערְשְׁטֶע זַייט, דָאס גָאלְדֶענֶע בְּלֶעך
דִיא הֵיילִיגֶע קְרוֹין, גְלֵייךְ אַזוֹי וְוִיא
גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה:
10 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען דָאס
אֵייל פוּן דִיא זַאלְבּוּנְג, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזַאלְבְּט דָאס מִשְׁכָּן אוּנְד אַלֶעס וָואס
אִיז גֶעוֶועזֶען דַארִין, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
גֶעהֵיילִיגְט:
11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁפְּרֶענְגְט דַאפוּן
אוֹיף דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהל זִיבֶּען מָאל,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזַאלְבְּט דֶעם אָפְּפֶער
שְׁטוּהל אוּנְד אַלֶע זַיינֶע גֶעפֶעס. אוּנְד
דֶעם הַאנְד בֶּעקֶען אוּנְד זַיין פוּס, זֵייא
צוּ הֵיילִיגֶען:
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעגָאסֶען פוּן דֶעם
אֵייל פוּן דִיא זַאלְבּוּנְג אוֹיף דֶעם קָאפְּף
פוּן אַהֲרֹן, אוּנְד עֶר הָאט אִיהם גֶעזַאלְבְּט
אִיהְם צוּ הֵיילִיגֶען:
13 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענֶעהנְט דִיא זִיהְן
פוּן אַהֲרֹן, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעגֶע־
קְלֵיידֶעט הֶעמְדֶער, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
גֶעגַארְטֶעלְט מִיט דֶעם גַארְטֶעל, אוּנְד
עֶר הָאט אָנְגֶעבּוּנְדֶען צוּ זֵייא דִיא
הוֹיבֶּע הוֹיבֶען, אַזוֹי וְוִיא גָאט
הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה:
14 אוּנְד עֶר הָאט גֶענֶעהנְט דֶעם
שְׁטִיר פוּן דֶעם זִינְד אָפְּפֶער, אוּנְד
אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן הָאבֶּען גֶעלֵייגְט
זֵיירֶע הֶענְד אוֹיף דֶעם קָאפְּף פוּן
דֶעם שְׁטִיר פוּן דֶעם זִינְד אָפְּפֶער:
15 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעשָׁאכְטֶען, אוּנְד
מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען דָאס בְּלוּט, אוּנְד
עֶר הָאט עֶס גֶעטְהוּן אוֹיף דִיא הֶערְנֶער
פוּן דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל רִינְגְס אַרוּם
מִיט זַיין פִינְגֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶערֵיי־
נִיגְט דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל, אוּנְד דָאס
בְּלוּט הָאט עֶר אוֹיס גֶעגָאסֶען צוּ דֶעם
גְרוּנְד פוּן דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהל, אוּנְד
עֶר הָאט אִיהם גֶעהֵיילִיגְט מְכַפֵּר צוּ זַיין
אוֹיף אִיהְם:
16 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דָאס גַאנְ־
צֶע אִינְשְׁלִיט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף
דֶעם אֵיינְגֶעוֵוייד, אוּנְד דָאס רוֹיט פְלֵייש
פוּן דֶער לֶעבֶּער, אוּנְד דִיא צְווייא נִירֶען
אוּנְד זֵייעֶר אִינְשְׁלִיט, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט
עֶס גֶערֶעמְפְּט אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהל:
17 אוּנְד דֶעם שְׁטִיר אוּנְד זַיינֶע הוֹיט
אוּנְד זַיין פְלֵייש אוּנְד זַיין מִיסְט הָאט
עֶר פֶערבְּרֶענְט אִין פַייעֶר, פוּן אוֹיסְ־
וֶוייניג פוּן דֶעם לַאגֶער, גְלֵייךְ אַזוֹי וְוִיא
גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה:
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶענֶעהנְט דֶעם וַוייד
דֶער פוּן דֶעם בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד
אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן הָאבֶּען גֶעלֵייגְט
זֵיירֶע הֶענְד אוֹיף דֶעם קָאפְּף פוּן

דֶעם וִוידֶער:
19 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעשָׁאכְטֶען, אוּנְד
מֹשֶׁה הָאט גֶעשְׁפְּרֶענְגְט דָאס בְּלוּט אוֹיף
דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל רִינְגְס אַרוּם:
20 אוּנְד דֶעם וִוידֶער הָאט עֶר צוּ
טֵיילְט אִין זֵיינֶע שְׁטִיקֶער, אוּנְד מֹשֶׁה
הָאט גֶערֶעמְפְּט דֶעם קָאפְּף אוּנְד דִיא
שְׁטִיקֶער אוּנְד דָאס פֶעט:
21 אוּנְד דָאס אֵיינְגֶעוֵוייד אוּנְד דִיא
שֶׁענְקֶעל הָאט עֶר גֶעוַואשֶׁען מִיט וַואַ־
סֶער, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערֶעמְפְּט דֶעם
גַאנְצֶען וִוידֶער אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל
דָאס אִיז דָאס בְּרַאנְד אָפְּפֶער צוּ אֵיי־
נֶעם לִיבְּלִיכֶען גֶעשְׁמַאק, דָאס אִיז אֵיין
פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא
גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה:
22 אוּנְד עֶר הָאט גֶענֶעהֶענְט דֶעם
אַנְדֶערֶען וִוידֶער, דֶעם וִוידֶער פוּן דֶער
עֶרְפִילוּנְג, אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן
הָאבֶּען גֶעלֵייגְט זֵייעֶרֶע הֶענְד אוֹיף
דֶעם קָאפְּף פוּן דֶעם וִוידֶער:
23 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעשָׁאכְטֶען, אוּנְד
מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען פוּן זֵיין בְּלוּט,
אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעטְהוּן אוֹיף דֶעם
רֶעכְטֶען אֹהר־לַאפֶּען פוּן אהרן, אוּנְד
אוֹיף דֶעם דוֹימֶען פוּן זֵיין רֶעכְטֶע הַאנְד
אוּנְד אוֹיף דֶעם דוֹימֶען פוּן זֵיין רֶעכְטֶען
פוּס:
24 אוּנְד עֶר הָאט גֶענֶעהנְט דִיא זִיהְן
פוּן אַהֲרֹן, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעטְהוּן פוּן
דֶעם בְּלוּט אוֹיף זֵייעֶרֶע רֶעכְטֶען אָהר־
לַאפֶּען, אוּנְד אוֹיף דֶעם דוֹימֶען פוּן זֵייעֶרֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד אוֹיף דֶעם דוֹימֶען
פוּן זֵייעֶרֶע רֶעכְטֶען פוּס, אוּנְד מֹשֶׁה
הָאט גֶעשְׁפְּרֶענְגְט דָאס בְּלוּט אוֹיף דֶעם
אָפְּפֶער־שְׁטוּהל רִינְגְס אַרוּם:
אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דָאס אִינְשְׁלִיט
אוּנְד דַאס וֵויידֶעל אוּנְד דָאס גַאנְצֶע
אִינְשְׁלִיט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם
אֵיינְגֶעוֵוייד, אוּנְד דָאס רוּיט פְלֵיישׁ פוּן
דֶער לֶעבֶּער, אוּנְד דִיא צְוֵוייא נִירֶען,
אוּנְד זֵייעֶר אִינְשְׁלִיט, אוּנְד דִיא רֶעכְ־
טֶע שׁוּלְטֶער:
26 אוּנְד פוּן דֶעם קָארְבּ מַצּוֹת וָואס
אִיז גֶעוֶועזֶען פַאר גָאט, הָאט עֶר גֶע־
נוּמֶען אֵיין מַצָה־קוּכֶען, אוּנְד אֵיין קוּכֶען
פוּן דֶעם אֵייל־בְּרוֹיט, אוּנְד אֵיין דִינֶען
קוּכֶען, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעלֵייגְט
אֵייף דֶעם אִינְשְׁלִיט אוּנְד אוֹיף דֶער
רֶעכְטֶען שׁוּלְטֶער:
27 אוּנְד עֶר הָאט דָאס אַלֶעס גֶעלֵייגְט
אוֹיף דִיא הֶענד פוּן אַהֲרֹן אוּנְד אוֹיף
דִיא הֶענְד פוּן זֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אֵיינֶע אוֹיפְ־
הוֹייבּוּנְג פַאר גָאט:
28 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט זֵייא אָבְּגֶענוּמֶען
פוּן זֵייעֶרֶע הֶענְד, אוּנְד עֶר הָאט
גֶערֶעמְפְּט אוֹיף דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל
אוֹיף דֶעם בְּרַאנְד אָפְּפֶער, דָאס זֶענֶען
דִיא עֶרְפִילוּנְג פַאר אֵיינֶעם לִיבְּלִיכֶען
גֶעשְׁמַאק, דָאס אִיז אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער
צוּ גָאט:
29 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען דִיא
בְּרוּסְט, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אוֹיפְגֶע־
הֵייבֶּען אֵיינֶע אוֹיפְהֵייבוּנְג פַאר גָאט,
פוּן דֶעם וִוידֶער פוּן דֶער עֶרְפִילוּנְג
פַאר מֹשֶׁה אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען אֵיין טֵייל,
וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה:
30 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען פוּן
דֶעם אֵייל פוּן דִיא זַאלבּוּנְג אוּנְד פוּן
דֶעם וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם
אָפְּפֶערשְׁטוּהְל, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶע־
שְׁפְּרֶענְגְט אוֹיף אַהֲרֹן, אוֹיף זֵיינֶעקְלֵיי־
דֶער, אוּנְד אוֹיף זֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד אוֹיף

דיא

דִיא קְלֵיידֶער פוּן זֵיינֶע זִיהְן מִיט אִיהְם,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵיילִיגְט דֶעם אַהֲרֹן,
זֵיינֶע קְלֵיידֶער אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד
דִיא קְלֵיידֶער פוּן זֵיינֶע זִיהְן מִיט אִיהְם:
31 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן
אוּנְד צוּ זֵיינֶע זִיהְן, קָאכְט דָאס פְלֵייש
גֶעבֶּען דִיא טְהִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט
פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דָארְט
זָאלְט אִיהְר עֶס עֶסֶען, אוּנְד דָאס בְּרוֹיט
וָואס אִיז אִים קָארְבּ פוּן דֶער עֶרְפִילוּנְג,
גְלֵייך וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעבָּאטֶען צוּ זָאגֶען,
אַהֲרֹן אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן זָאלֶען עֶס עֶסֶען:
32 אוּנְד וָואס אִיבֶּרִיג בְּלֵייבְּט פוּן דֶעם
פְלֵייש אוּנְד פוּן דֶעם בְּרוֹיט, זָאלְט
אִיהְר אִים פֵייעֶר פֶערְבְּרֶענֶען:
33 אוּנְד פוּן דִיא טְהִיר פוּן דֶעם
גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג זָאלְט
אִיהְר נִיט אַרוֹיסְגֵיין זִיבֶּען טֶעג, בִּיז
צוּ דֶעם טָאג וָואס וֶועט עֶרְפִילְט וֶוערֶען
דִיא טֶעג דֶער עֶרְפִילוּנְג, דֶען אִין
זִיבֶּען טֶעג וֶועט עֶרְפִילְט וֶוערֶען אֵיירֶע
הֶענְד:
34 וִויא עֶר הָאט גֶעטְהוּן אִין דִיזֶען
טָאג, אַזוֹי הָאט גָאט גֶעבָּאטֶען צוּ טְהוּן
מְכַפֵּר צוּ זַיין אוֹיף אֵייךְ:
35 אוּנְד גֶעבֶּען דִיא טְהִיר פוּן דֶעם
גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג זָאלְט
אִיהְר זִיצֶען בֵּייא טָאג אוּנְד בֵּייא נַאכְט
זִיבֶּען טֶעג, אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען
דִיא הִיטוּנְג פוּן גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט
נִיט שְׁטַארְבֶּען, דֶען אַזוֹי בִּין אִיךְ
גֶעבָּאטֶען גֶעוָוארֶען:
36 אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן
הָאבֶּען גֶעטְהוּן אַלֶע וֶוערְטֶער וָואס
גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דוּרְךְ דִיא הַאנְד
פוּן מֹשֶׁה:

## שמיני קאפיטעל ט

א אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
אַכְטֶען טָאג, הָאט מֹשֶׁה גֶערוּפֶען צוּ
אַהֲרֹן אוּנְד צוּ זֵיינֶע זִיהְן אוּנְד צוּ דִיא
עֶלְצְטֶען פוּן יִשְׂרָאֵל:
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן
גֶעם פַאר דִיר אֵיין יוּנְגֶעס קַאלְבּ אַלְס
אֵיין זִינְד אָפְּפֶער, אוּנְד אֵיין וִוידֶער אַלְס
בְּרַאנְד־אָפְּפֶער, אָהְנֶע פֶעהְלֶער, אוּנְד
גֶענֶעהֶנֶע עֶס פַאר גָאט:
3 אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלְסְטוּ
רֶעדֶען צוּ זָאגֶען, גֶעמְט אֵיין צִיגֶענְ־
בֶּעקֶעל צוּ אֵיין זִינְד־אָפְּפֶער אוּנְד אֵיין
קַאלְבּ אוּנְד אֵיין לַאם אֵיין יָאהְר אַלְט,
אָהְן פֶעלֶער, צוּ אֵיין בְּרַאנְד־אָפְּפֶער:
4 אוּנְד אֵיין אָקְס, אוּנְד אֵיין וִוידֶער
אַלְס פְרִיד אָפְּפֶער, צוּ אָפְּפֶערֶען צוּ פַאר
גָאט, אוּנְד אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער גֶעמִישְׁט
מִיט אֵייל, וָוייל הֵייטֶע וֶועט זִיךְ גָאט
בֶּעווייזֶען צוּ אֵייךְ:
5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען דָאס
וָואס מֹשֶׁה הָאט גֶעבָּאטֶען פַאר
דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג,
אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע הָאבֶּען זִיךְ
גֶענֶעהֶנְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁ־
טֶעלְט פַאר גָאט:
6 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, דִיזֶע זַאךְ
וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען זָאלְט אִיהְר
טְהוּן, אוּנְד עֶס וֶועט זִיךְ בֶּעווייזֶען צוּ
אֵייךְ דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט:
7 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן,
גֶענֶעהֶן צוּ דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל אוּנְד
מַאךְ דֵיין זִינְד־אָפְּפֶער אוּנְד דֵיין
בְּרַנְד־אָפְּפֶער, אוּנְד זֵייא מְכַפֵּר פוּן
וֶועגֶען דִיר אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֶעם פָאלְק,
אוּנְד מַאךְ דָאס אָפְּפֶער פוּן דֶעם
פָאלְק, אוּנְד זֵייא מְכַפֵּר וֶועגֶען זֵייא,

גלייך

גְלַייך אַזוֹי וְויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען׃
8 אוּנְד אַהֲרֹן הָאט זִיך גֶענֶעהנְט צוּ
דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעשָׁאכְטֶען דָאס קַאלְבּ פוּן דֶעם זִינְד
אָפְּפֶער וָואס הָאט גֶעהֶערְט צוּ אִיהְם׃
9 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן הָאבֶּען
גֶענֶעהנְט דָאס בְּלוּט צוּ אִיהְם, אוּנְד
עֶר הָאט אַיינְגֶעטוּנְקְט זַיין פִינְגֶער אִין
דֶעם בְּלוּט, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעטְהוּן
אוֹיף דִיא הֶערנֶער פוּן דֶעם אָפְּפֶער־
שְׁטוּהְל, אוּנְד דָאס בְּלוּט הָאט עֶר
אוֹיסְגֶעגָאסֶען צוּ דֶעם גְרוּנְד פוּן דֶעם
אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל׃
10 אוּנְד דָאס אִינְשְׁלִיט, אוּנְד דִיא נִירֶען
אוּנְד דָאס רוֹיט פְלֵייש פוּן דֶער לֶעבֶּער
פוּן דֶעם זִינְד אָפְּפֶער הָאט עֶר גֶערֶעמְפְּט
אוֹיף דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל, אַזוֹי וְויא
גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה׃
11 אוּנְד דָאס פְלֵייש אוּנְד דִיא הוֹיט
הָאט עֶר פֶערְבְּרֶענְט אִים פַייעֶר אוֹיס־
וֶוייניג צוּ דֶעם לַאגֶער׃
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשָׁאכְטֶען דָאס
בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן
אַהֲרֹן הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט צוּ אִיהְם דָאס
בְּלוּט, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעשְׁפְּרֶענְגְט
אוֹיף דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל רִינְגְס אַרוּם׃
13 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט צוּ
אִיהְם דָאס בְּרַאנְד אָפְּפֶער מִיט זַיינֶע
שְׁטִיקֶער, אוּנְד דֶעם קָאפְּף, אוּנְד עֶר
הָאט גֶערֶעמְפְּט אוֹיף דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל׃
14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעוַואשֶׁען דָאס
אַיינְגֶעווייד אוּנְד דִיא שֶׁענְקֶעל, אוּנְד עֶר
הָאט עֶס גֶערֶעמְפְּט אוֹיף דֶעם בְּרַאנְד
אָפְּפֶער אוֹיף דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל׃
15 אוּנְד עֶר הָאט גֶענֶעהנְט דָאס
אָפְּפֶער פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד עֶר הָאט
גֶענוּמֶען דָאס בֶּעקֶעל פוּן דֶעם זִינְד
אָפְּפֶער, וָואס הָאט גֶעהֶערְט צוּ דֶעם
פָאלְק, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעשָׁאכְטֶען,
אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶערֵיינִיגְט, גְלַייך
וְויא דָאס עֶרְשְׁטֶע׃
16 אוּנְד עֶר הָאט גֶענֶעהנְט דָאס
בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד עֶר הָאט עֶס
גֶעמַאכְט גְלַייך וְויא דָאס גֶערִיכְט׃
17 אוּנְד עֶר הָאט גֶענֶעהנְט דָאס
שְׁפֵּייז אָפְּפֶער, אוּנְד עֶר הָאט עֶרְפִילְט
זַיינֶע הֶענְד דַאפָאן, אוּנְד עֶר הָאט עֶס
גֶערֶעמְפְּט אוֹיף דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל,
חוּץ דָאס בְּרַאנְד אָפְּפֶער פוּן דֶעם
מָארְגֶען׃
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשָׁאכְטֶען דֶעם
אָקְס אוּנְד דֶעם וִוידֶער פוּן דִיא פְרִיד
אָפְּפֶער וָואס הָאט גֶעהֶערְט צוּ דֶעם
פָאלְק, אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן הָאבֶּען
גֶעבְּרַאכְט צוּ אִיהְם דָאס בְּלוּט, אוּנְד
עֶר הָאט עֶס גֶעשְׁפְּרֶענְגְט אוֹיף דֶעם
אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל רִינְגְס אַרוּם׃
19 אוּנְד דָאס אִינְשְׁלִיט פוּן דֶעם
אָקְס אוּנְד פוּן דֶעם וִוידֶער, דָאס
וֵוידֶעל, אוּנְד וָואס בֶּעדֶעקְט עֶס אוּנְד
דִיא נִירֶען, אוּנְד דָאס רוֹיט פְלֵייש פוּן
דֶער לֶעבֶּער׃
20 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעלֵייגְט דָאס
אִינְשְׁלִיט אוֹיף דִיא בְּרוּסְט, אוּנְד עֶר
הָאט גֶערֶעמְפְּט דָאס אִינְשְׁלִיט אוֹיף
דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל׃
21 אוּנְד דִיא בְּרוּסְט, אוּנְד דִיא
רֶעכְטֶע שׁוּלְטֶער הָאט אַהֲרֹן אוֹיפְגֶע־
הוֹיבֶּען אַיינֶע אוֹיפְהֵייבוּנְג פָאר גָאט,
גְלַייך אַזוֹי וְויא מֹשֶׁה הָאט גֶעבָּאטֶען׃
22 אוּנְד אַהֲרֹן הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
זַיינֶע הֶענְד צוּ דֶעם פָאלְק, אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנְד עֶר הָאט
אַרָאפְּגֶענִידֶערְט פוּן צוּ מַאכֶען דָאס זִינְד

אפפער

אָפְּפֶער אוּנְד דָאס בְּרַאנְד אָפְּפֶער אוּנְד
דִיא פְרִיד אָפְּפֶער:
23 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן זֶענֶען גֶעקוּ־
מֶען צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער פֶערְ־
זַאמְלוּנְג, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבֶּענְשְׁט דָאס פָאלְק,
אוּנְד עֶס הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען דִיא הֶערְ־
לִיכְקֵייט פוּן גָאט צוּ דֶעם גַאנְצֶען
פָאלְק:
24 אוּנְד אַ פֵייעֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן
גָאט, אוּנְד עֶס הָאט פֶערְצֶעהְרְט אוֹיף
דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל דָאס בְּרַאנְד אָפְּ־
פֶער אוּנְד דָאס אִינְשְׁלִיט, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק הָאט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעזוּנְגֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע אָנְגֶעזִכְטֶער:

קאפיטעל י

א אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן נָדָב אוּנְד
אֲבִיהוּא, הָאבֶּען גֶענוּמֶען יֶעדֶער זֵיין פֵייעֶר
פְּפַאן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֵייעֶר דַארִין
גֶעלֵייגְט. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען רוֹיךְ וֶוערְק
דַארוֹיף גֶעלֵייגְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶענֶעהֶנְט פַאר גָאט פְרֶעמְדֶעס פֵייעֶר,
וָואס עֶר הָאט זֵייא נִיט גֶעבָּאטֶען:
2 אוּנְד אַ פֵייעֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
פוּן גָאט, אוּנְד הָאט זֵייא פֶערְבְּרֶענְט,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר גָאט:
3 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן, דָאס
אִיז וָואס גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ זָאגֶען,
אִיךְ וִויל גֶעהֵיילִיגְט וֶוערֶען דוּרְךְ דִיא
וָואס גֶענֶעהֶען זִיךְ צוּ מִיר, אוּנְד פַאר
דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק וִויל אִיךְ גֶעעֶהְרְט
וֶוערֶען, אוּנְד אַהֲרֹן הָאט שְׁטִיל
גֶעשְׁווִיגֶען:
4 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערוּפֶען צוּ מִישָׁאֵל
אוּנְד צוּ אֶלְצָפָן, דִיא זִיהְן פוּן עֻזִּיאֵל,
דֶער פֶעטֶער פוּן אַהֲרֹן, אוּנְד עֶר הָאט
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֶענֶעהֶנְט אֵייךְ, אוּנְד
טְרָאגְט אַוֶועק אֵיירֶע בְּרִידֶער פוּן פָאר
דִיא הֵיילִיגְקֵייט פוּן אוֹיסְוֵוייניג צוּ דֶעם
לַאגֶער:
5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהֶנְט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַוֶועק גֶעטְרָאגֶען
אִין זֵיירֶע הֶעמְדֶער, פוּן אוֹיסְוֵוייניג
צוּ דֶעם לַאגֶער, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה
הָאט גֶערֶעט:
6 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן,
אוּנְד צוּ אֶלְעָזָר אוּנְד צוּ אִיתָמָר זֵיינֶע
זִיהְן, דֶעקְט נִיט אוֹיף אֵיירֶע קֶעפְּף, אוּנְד
אֵיירֶע קְלֵיידֶער זָאלְט אִיהְר נִיט רֵייסֶען,
אַז אִיהְר זָאלְט נִיט שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד
עֶר הָאט עֶרְגְרִימְט אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע
גֶעמֵיינְדֶע, אָבֶּער אֵיירֶע בְּרִידֶער, דָאס
גַאנְצֶע הוֹיז יִשְׂרָאֵל זָאלֶען בֶּעוֵויינֶען
דִיא פֶערְבְּרֶענוּנְג וָואס גָאט הָאט פֶערְ־
בְּרֶענְט:
7 אוּנְד פוּן דִיא טִיהְר פוּן דֶעם
גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג זָאלְט
אִיהְר נִיט אַרוֹיסְגֶעהְן, אַז אִיהְר זָאלְט
נִיט שְׁטַארְבֶּען, וֵוייל דָאס אֵייל פוּן
דִיא זַאלְבוּנְג פוּן גָאט אִיז אוֹיף אֵייךְ,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעטוּהְן גְלֵייךְ וִויא
דָאס וָוארְט פוּן מֹשֶׁה:
8 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ אַהֲרֹן
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
9 וֵויין אוּנְד שַׁארְפֶעס גֶעטְרֶענְק זָאלְסְטוּ
נִיט טְרִינְקֶען, דוּא אוּנְד דֵיינֶע זִיהְן מִיט
דִיר, וֶוען אִיהְר קוּמְט צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט
פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, אַז אִיהְר
זָאלְט נִיט שְׁטַארְבֶּען, עֶס זָאל זֵיין אֵיין
אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ פִיר אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְ־
טֶער:
10 אוּנְד צוּ אוּנְטֶערְשֵׁיידֶען צְווִישֶׁען
דֶעם הֵיילִיגֶען אוּנְד צְווִישֶׁען דֶעם אוּמ־

הֵיילִיגֶען, אוּנְד צְוִוישֶׁען דֶעם אוּמְרֵיינֶען אוּנְד צְוִוישֶׁען דֶעם רֵיינֶען:

11 אוּנְד צוּ לֶערְנֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַלֶע גֶעזֶעצֶע וָואס גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ זֵייא דוּרְךְ מֹשֶׁה:

12 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערֶעט צוּ אַהֲרֹן, אוּנְד צוּ אֶלְעָזָר, אוּנְד צוּ אִיתָמָר, זֵיינֶע זִיהְן, וָואס זֶענֶען אִיבֶּערִיג גֶעבְּלִיבֶּען, נֶעמְט דָאס שְׁפֵּייז אָפְּפֶער וָואס אִיז אִיבֶּערִיג גֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא פֵייעֶר אָפְּפֶער פוּן גָאט, אוּנְד עֶסְט עֶס מִיט מַצוֹת גֶעבֶּען דֶעם אָפְּפֶער־שְׁטוּהְל, וֵוייל דָאס אִיז גַאנְץ הֵיילִיג:

13 אוּנְד אִיהְר זָאלְט עֶס עֶסֶען אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט, דֶען וֵוייל דָאס אִיז דֵיין בֶּעשְׁטִימְטֶער טֵייל, אוּנְד דֶער בֶּעשְׁטִימְטֶער טֵייל פוּן דֵיינֶע זִיהְן, פוּן דִיא פֵייעֶר אָפְּפֶער פוּן גָאט, דֶען אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעבָּאטֶען גֶעוָוארֶען:

14 אוּנְד דִיא בְּרוּסְט פוּן דִיא אוֹיפְהֵייבּוּנְג, אוּנְד דִיא שׁוּלְטֶער פוּן דִיא אָבְּשֵׁיידוּנְג זָאלְט אִיהְר עֶסֶען אִין אֵיין רֵיינֶעם אָרְט, דוּא אוּנְד דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד דֵיינֶע טֶעכְטֶער מִיט דִיר, דֶען וֵוייל דָאס אִיז דֵיין בֶּעשְׁטִימְטֶער טֵייל, אוּנְד דֶער בֶּעשְׁטִימְטֶער טֵייל פוּן דֵיינֶע זִיהְן, וָואס זֶענֶען גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען פוּן דִיא פְרִיד אָפְּפֶער פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:

15 דִיא שׁוּלְטֶער פוּן דִיא אָבְּשֵׁיידוּנְג אוּנְד דִיא בְּרוּסְט פוּן דִיא אוֹיפְהֵייבּוּנְג מִיט דֶעם פֵייעֶר אָפְּפֶער פוּן דֶעם אִינְשְׁלִיט, זָאלֶען זֵייא בְּרֶענְגֶען אוֹיף צוּ הֵייבֶּען אַיינֶע אוֹיפְהֵייבּוּנְג פַאר גָאט, אוּנְד עֶס זָאל זֵיין צוּ דִיר אוּנְד צוּ דֵיינֶע זִיהְן מִיט דִיר צוּ אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ, גְלֵייךְ וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען:

16 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט זִיךְ נָאכְגֶעפְרֶעגְט נָאךְ דֶעם בֶּעקֶעל פוּן דֶעם זִינְד אָפְּפֶער, אוּנְד נוּן עֶס אִיז פֶערבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעצִירְנְט אִיבֶּער אֶלְעָזָר אוּנְד אִיבֶּער אִיתָמָר, דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע זִיהְן פוּן אַהֲרֹן, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

17 פַאר וָואס הָאט אִיהְר נִיט גֶעגֶעסֶען דָאס זִינְד אָפְּפֶער אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט? דֶען דָאס אִיז גַאנְץ הֵיילִיג, אוּנְד דָאס הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען צוּ אֵייךְ צוּ טְרָאגֶען דִיא זִינְד פוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶע, מְכַפֵּר צוּ זֵיין אוֹיף זֵייא פַאר גָאט:

18 נוּן זֵיין בְּלוּט אִיז נִיט גֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען צוּ דֶער הֵיילִיגְקֵייט אִינְוֵוייניג אַרֵיין, אִיהְר הָאט עֶס גֶעוִויס גֶעזָאלְט עֶסֶען אִין דִיא הֵיילִיקֵייט, גְלֵייךְ וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעבָּאטֶען:

19 אוּנְד אַהֲרֹן הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה, נוּן הֵיינְט הָאבֶּען זֵייא גֶעגֶעהְנְט זֵיירֶע זִינְד אָפְּפֶער אוּנְד זֵיירֶע בְּרַאנְד אָפְּפֶער פַאר גָאט, אוּנְד גְלֵייךְ וִויא דִיזֶע זַאכֶען הָאבֶּען מִיר בֶּעגֶעגְנֶעט, אוּנְד וֶוען אִיךְ וָואלְט הֵיינְט גֶעגֶעסֶען דָאס זִינְד אָפְּפֶער, וָואלְט עֶס גוּט גֶעוֶועזֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט?

20 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט עֶס גֶעהֶערְט, אוּנְד עֶס אִיז גוּט גֶעוֶועזֶען אִין זֵיינֶע אוֹיגֶען:

קאפיטעל יא

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵייא:

2 רֶעט צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דִיזֶע זֶענֶען דִיא חַיּוֹת וָואס אִיהְר מֶעגְט עֶסֶען, פוּן אַלֶע בְּהֵמוֹת וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד:

3 אִיטְלִיכֶעס וָואס אִיז גֶעשְׁפָּאלְטֶען אִין דִיא קְלוֹיעֶן, אוּנְד וָואס הָאט דִיא שְׁפַּאלְטוּנְג אִין דִיא קְלוֹיעֶן וָואס וִוידֶער קֵייעֶן אוּנְטֶער דִיא בְּהֵמוֹת, דָאס מֶעגְט

אִיהְר עֶסֶען:

4 נָאר דִיזֶע זָאלְט אִיהְר נִיט עֶסֶען פוּן דִיא וָואס ווִידֶער קֵייעֶן אוּנְד פוּן דִיא וָואס זֶענֶען גֶעשְׁפָּאלְטֶען אִין דִיא קְלוֹיעֶן, דָאס קַאמֶעל, דֶען עֶר ווִידֶער קֵייעֶט אָבֶער אִין דִיא קְלוֹיעֶן אִיז עֶר נִיט גֶעשְׁפָּאלְטֶען, עֶס זָאל אוּנְרֵיין זֵיין צוּ אֵייךְ:

5 אוּנְד דָאס קַאנִינְכֶען, דֶען עֶס ווִידֶער קֵייעֶט, אָבֶער אִין דִיא קְלוֹיעֶן אִיז עֶס נִיט גֶעשְׁפָּאלְטֶען, עֶס זָאל אוּנְרֵיין זֵיין צוּ אֵייךְ:

6 אוּנְד דֶער הָאז, דֶען עֶר ווִידֶער קֵייעֶט אָבֶער אִין דִיא קְלוֹיעֶן אִיז עֶר נִיט גֶעשְׁפָּאלְטֶען, עֶר זָאל אוּנְרֵיין זֵיין צוּ אֵייךְ:

7 אוּנְד דָאס חַזִיר, דֶען עֶס אִיז גֶעשְׁפָּאלְטֶען אִין דִיא קְלוֹיעֶן. אוּנְד הָאט דִיא שְׁפַּאלְטוּנְג אִין דִיא קְלוֹיעֶן, אָבֶער עֶס ווִידֶער קֵייעֶט נִיט, עֶר זָאל אוּנְרֵיין זֵיין צוּ אֵייךְ:

8 פוּן זֵייעֶר פְלֵייש זָאלְט אִיהְר נִיט עֶסֶען, אוּנְד אָן זֵייעֶרֶע נְבֵלוֹת זָאלְט אִיהְר נִיט אָנְרִיהְרֶען, זֵייא זָאלֶען אוּנְרֵיין זֵיין צוּ אֵייךְ:

9 דִיזֶע מֶעגְט אִיהְר עֶסֶען פוּן אַלֶעם וָואס אִיז אִין דִיא וַואסֶערֶען, אַלֶעם וָואס הָאט פְלוֹס־פֶעדֶערֶען אוּנְד שׁוּפְּפֶּען אִין דִיא וַואסֶערֶען, אִין דִיא יַמִים, אוּנְד אִין דִיא טֵייכֶען, זֵייא זָאלְט אִיהְר עֶסֶען:

10 אוּנְד אַלֶעם וָואס הָאט קֵיינֶע פְלוֹס־פֶעדֶערֶען אוּנְד שׁוּפְּפֶּען, אִין דִיא יַמִים אוּנְד אִין דִיא טֵייכֶען, פוּן אַלֶערְלֵייא ווִידְמֶענוּנְג פוּן דִיא וַואסֶערֶען, אוּנְד פוּן אַלֶערְלֵייא לֶעבֶּעדִיגֶע נְפָשׁוֹת, וָואס אִיז אִין דִיא וַואסֶערֶען, זֵייא זָאלֶען אֵיינֶע אוּנְווִירְדִיגְקֵייט זֵיין צוּ אֵייךְ:

11 אוּנְד זֵייא זָאלֶען זֵיין אֵיינֶע אוּנְווִירְדִיגְקֵייט צוּ אֵייךְ, פוּן זֵייעֶר פְלֵייש זָאלְט אִיהְר נִיט עֶסֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע נְבֵלוֹת זָאלְט אִיהְר פֶערְאוּנְווִירְדִיגֶען:

12 אַלֶעם וָואס הָאט קֵיינֶע פְלוֹסְפֶעדֶערֶען אוּנְד קֵיינֶע שׁוּפְּפֶּען אִין דִיא וַואסְסֶערֶען, דָאס זָאל זֵיין אוּנְווִירְדִיג צוּ אֵייךְ:

13 אוּנְד דִיזֶע זָאלְט אִיהְר פֶערְאוּנְווִירְדִיגֶען פוּן דִיא פֵייגֶעל, זֵייא זָאלֶען נִיט גֶעגֶעסֶען ווֶערֶען, זֵייא זֶענֶען אֵיינֶע אוּנְווִירְדִיגְקֵייט, דֶער אַדְלֶער, אוּנְד דֶער בֵּיינְבְּרֶעכֶער, אוּנְד דֶעם שְׁוַוארְצֶען אַדְלֶער:

14 אוּנְד דֶעם וֵוייסֶען הַאבִּיכְט, אוּנְד דֶעם גֵייעֶר צוּ אִיהְר מִין:

15 אַלֶערְלֵייא רַאבֶען צוּ זֵיין מִין:

16 אוּנְד דִיא יוּנְגֶע שְׁטְרוֹיס, אוּנְד דִיא אַמְסֶעל, אוּנְד דִיא נַאכְטִיגַאל, אוּנְד דֶעם קוּקוּק, נָאךְ זֵיין מִין:

17 דִיא קְלֵיינֶע אֵייל, אוּנְד דֶעם שְׁטוּרְץ פֶּעלִיקַאן (הַאבִּיכְט) אוּנְד דֶען טוּיבֶען גֵייעֶר:

18 דֶעם שְׁוַואן, אוּנְד דִיא הַאבִּיכְט, אוּנְד דֶען אַאז־גֵייעֶר:

19 אוּנְד דֶעם שְׁטָארְךְ, דֶעם ווִידֶע־הָאפְּף צוּ זֵיין מִין, דֶעם אוּיעֶרְהָאהְן אוּנְד דִיא שְׁוַואלְבֶּע:

20 אַלֶערְלֵייא ווִידְמֶענוּנְג פוּן דִיא פֵייגֶעל וָואס גֵייעֶן אוּיף פִיעֶר, דָאס זָאל זֵיין אֵיינֶע אוּנְווִירְדִיגְקֵייט צוּ אֵייךְ:

21 נָאר דִיזֶע מֶעגְט אִיהְר עֶסֶען פוּן אַלֶערְלֵייא ווִידְמֶענוּנְג פוּן דִיא פֵייגֶעל וָואס גֵייעֶן אוּיף פִיעֶר, דָאס וָואס הָאט שֶׁענְקֶעל אִיבֶּער זֵיינֶע פִיס צוּ הִיפְּפֶען מִיט זֵייא אוּיף דִיא עֶרְד:

22 דִיזֶע פוּן זֵייא מֶעגְט אִיהְר עֶסֶען, דֶעם הֵיישְׁרֶעק צוּ זֵיין מִין, אוּנְד דֶעם סָלְעָם צוּ זֵיין מִין, אוּנְד חַרְגוֹל צוּ זֵיין מִין, אוּנְד



דֶעם

דֶעם חָגָב צוּ זַיין מִין:
23 אוּנְד אַלֶע ווידֶמֶענוּנְג פוּן פֵייגֶעל
וָואס הָאט פִיער פִים, דָאס זָאל זַיין אֵיינֶע
אוּנְווירְדִיגְקֵייט צוּ אֵייךְ:
24 אוּנְד וֶועגֶען דִיזֶע וֶועט אִיהְר אֵייךְ
פֶערְאוּנְרֵיינִיגֶען, יֶעדֶער וָואס רִיהְרְט
אָן זֵייעֶרֶע נְבֵלוֹת זָאל אוּנְרֵיין זַיין בִּיז
דֶעם אָבֶענְד:
25 אוּנְד יֶעדֶער וָואס טְרָאגְט פוּן זֵייעֶרֶע
נְבֵלוֹת זָאל וַואשֶׁען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער,
אוּנְד זָאל אוּנְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד:
26 אַלֶערְלֵייא בְּהֵמוֹת וָואס אִיז
גֶעשְׁפָּאלְטֶען אִין דִיא קְלוֹיעֶן, אָבֶער הָאט
נִיט דִיא שְׁפַּאלְטוּנְג, אוּנְד ווידֶער קֵייעֶט
נִיט, זֵייא זָאלֶען זַיין אוּנְרֵיין צוּ אֵייךְ
יֶעדֶער וָואס אָנְרִיהְרְט אָן זֵייא זָאל אוּנְ-
רֵיין זַיין:
27 אוּנְד יְעדֶעס וָואס גֵייט אוֹיף זַיין
בַּאלֶען אוּנְטֶער אַלֶע חַיוֹת וָואס גֵייעֶן
אוֹיף פִיר, זֵייא זָאלֶען אוּנְרֵיין זַיין צוּ
אֵייךְ, יֶעדֶער וָואס אָנְרִירְהְט אָן זֵייעֶרֶע
נְבֵלוֹת זָאל אוּנְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד:
28 אוּנְד דֶער וָואס טְרָאגְט זֵייעֶרֶע
נְבֵלוֹת זָאל וַואשֶׁען זֵיינֶע קְלֵיידֶער
אוּנְד זָאל אוּנְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד,
זֵייא זָאלֶען אוּנְרֵיין זַיין צוּ אֵייךְ:
29 אוּנְד דִיזֶע זָאלֶען זַיין צוּ אֵייךְ דָאס
אוּנְרֵיינִיגְסְטֶע אוּנְטֶער דִיא ווידֶמֶענוּנְג
וָואס ווידְמֶעט זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד, דָאס
ווִיזֶעל, אוּנְד דִיא מוֹיז, אוּנְד דֶער שִׁילְט
קְרֶעט צוּ זַיין מִין:
30 אוּנְד דֶער אִיגֶעל, אוּנְד דָאס
אֵייבֶּעגְהָארְן, אוּנְד דֶער אִילְטֶעס, אוּנְד
דִיא שְׁנֶעק אוּנְד דֶער מֶעלְט-ווָאוּרְף:
31 דִיזֶע זֶענֶען דִיא אוּנְרֵיינֶע צוּ אֵייךְ,
אוּנְטֶער אַלֶע ווידֶמֶענוּנְג, יֶעדֶער וָואס
אָנְרִיהְרְט אָן זֵייא, וֶוען זֵייא זֶענֶען
טוֹיט, זָאל אוּנְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד:
32 אוּנְד יֶעדֶעס אוֹיף וָואס אֵיינֶע פוּן
זֵייא פַאלְט, וֶוען זֵייא זֶענֶען טוֹיט. זָאל
אוּנְרֵיין זַיין. פוּן אַלֶע כֵּלִים פוּן הָאלְץ,
אָדֶער קְלֵייד, אָדֶער הוֹיט, אָדֶער זַאק,
אַלֶערְלֵייא כֵּלִים וָואס אַרְבֵּייט וֶועט
גֶעטוּהְן מִיט זֵייא, עֶס זָאל גֶעלֵייגְט זַיין
אִין וַואסֶער, אוּנְד זָאל אוּנְרֵיין זַיין בִּיז
דֶעם אָבֶענְד, אוּנְד עֶס וֶועט רֵיין זַיין:
33 אַלֶערְלֵייא אִירְדִישֶׁע גֶעפֶעס,
וָואס אֵיינְס פוּן זֵייא פַאלְט דַארֵיינֶען
אַרֵיין, אַלֶעס וָואס אִיז דַארִין זָאל
אוּנְרֵיין זַיין, אוּנְד אִיהְר זָאלְט עֶס
צֶערְבְּרֶעכֶען:
34 פוּן אַלֶערְלֵייא שְׁפֵּייז וָואס וֶועט
גֶעגֶעסֶען, וָואס וַואסֶער קוּמְט דַארוֹיף
עֶס זָאל אוּנְרֵיין זַיין, אוּנְד אַלֶערְלֵייא
גֶעטְרֶענְקֶע וָואס וֶועט גֶעטְרוּנְקֶען אִין
אַלֶערְלֵייא גֶעפֶעס, זָאל אוּנְרֵיין זַיין:
35 אוּנְד אַלֶעס וָואס אֵיינְס פוּן זֵייעֶרֶע
נְבֵלוֹת וֶועט פַאלֶען דַארוֹיף זָאל אוּנְרֵיין
זַיין. אֵיין אוֹיפֶען, אוּנְד אֵיין קוֹימֶען,
עֶס זָאל וֶוערֶען צוּ ווָארְפֶען, זֵייא זֶענֶען
אוּנְרֵיין, אוּנְד זֵייא זָאלֶען אוּנְרֵיין זַיין
צוּ אֵייךְ:
36 נֵייעֶרְט דִיא קְוֶועלְבְּרוּנֶען, אוּנְד
אַ גְרוּב, דִיא זַאמְלוּנְג פוּן וַואסֶער,
זָאל זַיין רֵיין, אָבֶער דֶער וָואס אָנְרִיהְרְט
אָן זֵייעֶרֶע נְבֵלוֹת זָאל זַיין אוּנְרֵיין:
37 אוּנְד וֶוען אֵיינְס פוּן זֵייעֶרֶע נְבֵלוֹת
וֶועט פַאלֶען אוֹיף אַלֶערְלֵייא גֶעזֵייטֶען
זָאמֶען וָואס וֶועט גֶעזֵייט, דָאס זָאל
רֵיין זַיין:
38 אָבֶער וֶוען וַואסֶער אִיז גֶעטוּהְן
גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶעם זָאמֶען, אוּנְד אֵיינְס
פוּן זֵייעֶרֶע נְבֵלוֹת וֶועט דַארוֹיף פַאלֶען
דָאס זָאל אוּנְרֵיין זַיין צוּ אֵייךְ:

39 אוּנְד װֶען עֶס װֶעט שְׁטַארְבֶּען
אַ בְּהֵמָה װָאס אִיז פִיר אֵייךְ צוּ עֶסֶען, דֶער װָאס אָנְרִירְט אָן זֵייעֶר נְבֵלָה זָאל אוּנְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד:

40 אוּנְד דֶער װָאס װֶעט עֶסֶען פוּן
דֶער נְבֵלָה זָאל װַאשֶׁען זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר זָאל אוּנְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד, אוּנד דֶער װָאס טְרָאגְט אִיהְרֶע נְבֵלָה זָאל װַאשֶׁען זֵיינֶע קְלֵיידֶער אוּנְד זָאל אוּנְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד:

41 אוּנְד אַלֶערְלֵייא װִידְמֶענוּנְג װָאס
װִידְמֶעט זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד, דָאס אִיז אֵיינֶע אוּנְװִירְדִיגְקֵייט, עֶס זָאל נִיט גֶעגֶע־סֶען װֶערֶען:

42 אַלֶעס װָאס גֵייט אוֹיף דֶעם בּוֹיךְ,
אוּנְד אַלֶעס װָאס גֵייט אוֹיף פִיר פִּיס, בִּיז אַלֶע פִיר פִיסִיגֶע צוּ אַלֶע װִידְ־מֶענוּנְג װָאס װִידְמֶעט זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד, אִיהְר זָאלְט זֵייא נִיט עֶסֶען, װֵייל זֵייא זֶענֶען אֵיינֶע אוּנְװִירְדִיגְקֵייט:

43 אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְאוּנְװִירְדִיגֶען
אֵיירֶע זֶעלֶען מִיט אַלֶערְלֵייא װִידְמֶענוּנְג װָאס װִידְמֶעט זִיךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט פֶערְאוּנְרֵיינִיגֶען מִיט זֵייא אַז אִיהְר זָאלְט װֶערֶען אוּנְרֵיין אָן זֵייא:

44 דֶען אִיךְ בִּין דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט,
אִיהר זָאלְט אֵייךְ הֵיילִיגֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זַיין הֵיילִיג, װֵייל אִיךְ בִּין הֵיילִיג, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְאוּנְרֵיינִיגֶען אֵיירֶע זֶעלֶען מִיט קֵיינֶערְלֵייא װִידְמֶענוּנְג װָאס װִידְמֶעט זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד:

45 װֵייל אִיךְ בִּין גָאט װָאס הָאבּ אֵייךְ
אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, צוּ זַיין צוּ אֵייךְ צוּ אֵיין גָאט, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זַיין הֵיילִיג, װָארִין אִיךְ בִּין הֵיילִיג:

46 דִיזֶעס אִיז דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דִיא
בְּהֵמוֹת, אוּנְד פוּן דִיא פֵייגֶעל, אוּנְד פוּן אַלֶערְלֵייא לֶעבֶּעדִיגֶע זֶעלֶען, װָאס װִידְמֶעט זִיךְ אִין דִיא װַאסֶערֶען, אוּנְד אַלֶערְלֵייא זֶעלֶען װָאס װִידְמֶעט זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד:

47 צוּ אוּנְטֶערְשֵׁיידֶען צְװִישֶׁען דֶעם
אוּנְרֵיינֶען, אוּנְד צְװִישֶׁען דֶעם רֵיינֶען, אוּנְד צְװִישֶׁען דֶער חַיָה װָאס װֶערְט גֶעגֶעסֶען, אוּנְד צְװִישֶׁען דֶער חַיָה װָאס זָאל נִיט גֶעגֶעסֶען װֶערֶען:

## קאפיטעל יב תזריע

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

2 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זָאג
װֶען אֵיין װֵייבּ װֶעט מַזְרִיעַ זַיין, אוּנְד װֶעט גֶעװִוינֶען אֵיין זָכָר, אַזוֹי זָאל זִיא אוּנְרֵיין זַיין זִיבֶּען טֶעג, גְלֵייךְ װִיא דִיא טֶעג פוּן דִיא אָבְזָאנְדֶערוּנְג פוּן אִיהְרֶע קְרַאנְקְהֵייט זָאל זִיא אוּנְרֵיין זַיין:

3 אוּנְד אִין דֶעם אַכְטֶען טָאג זָאל
דָאס פְלֵייש פוּן זֵיינֶע עָרְלָה בֶּעשְׁנִיטֶען װֶערֶען:

4 אוּנְד דְרֵייא אוּנְד דְרֵייסִיג טֶעג זָאל
זִיא בְּלֵייבֶּען אִין דֶעם בְּלוּט פוּן אִיהְרֶע רֵיינִיגוּנְג, אָן קֵיינֶערְלֵייא הֵיילִיגְקֵייט זָאל זִיא נִיט אָנְרִירֶען, אוּנְד צוּ דֶעם הֵיי־לִיגְטוּהם זָאל זִיא נִיט קוּמֶען בִּיס עֶס װֶערֶען עֶרְפִילְט װֶערֶען דִיא טֶעג פוּן אִיהְרֶע רֵיינִיגוּנְג:

5 אוּנְד װֶען זִיא װֶעט גֶעװִוינֶען אֵיינֶע
נְקֵבָה, אַזוֹי זָאל זִיא אוּנְרֵיין זַיין צְװֵייא װָאכֶען, גְלֵייךְ װִיא אִיהְרֶע אָבְזָאנְדֶערוּנְג, אוּנְד זֶעקְס אוּנְד זֶעכְצִיג טֶעג זָאל זִיא בְּלֵייבֶּען פוּן װֶעגֶען דֶעם בְּלוּט פוּן אִיהְרֶע רֵיינִיגוּנְג:

6 אוּנְד װֶען דִיא טֶעג פוּן אִיהְרֶע

רֵיינִיגוּנג װעלֶען עֶרפִילְט װעֶרֶען, פוּן
װעֶגֶען אֵיין זוּהְן, אָדֶער פוּן װעֶגֶען אֵיינֶע
טָאכְטֶער זָאל זִיא בְּרֶענְגֶען אֵיין לַאם
אֵיין יָאהְר אַלְט, צוּ אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער,
אוּנְד אֵיינֶע יוּנְגֶע טויבּ, אָדֶער אֵיינֶע
טִירְטֶעל־טויבּ צוּ אֵיין זִינְדאָפְּפֶער,
צוּ דִיא טִיהְר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא
פֶערְזַאמְלוּנְג, צוּ דֶעם כֹּהֵן:
7 אוּנְד עֶר זָאל עֶס גֶענֶעהְמֶען פַאר
גָאט, אוּנְד עֶר זָאל מְכַפֵּר זַיין אוֹיף
אִיהְר, אוּנְד זִיא זָאל רֵיין זַיין פוּן דֶער
קְוֶועלֶע פוּן אִיהְר בְּלוּט, דִיזֶע אִיז דִיא
לֶערְנוּנְג פוּן דִיא גֶעווִינֶערֶען, פוּן װעֶגֶען
אֵיין זָכָר אָדֶער פוּן װעֶגֶען אֵיינֶע נְקֵבָה:
8 אָבֶּער װעֶן אִיהְר הַאנְד קָאן נִיט
גֶערֵייכֶען צוּ אֵיין לַאם, אַזוֹי זָאל זִיא
גֶענֶעמֶען צְוֵוייא טִירְטֶעל טויבֶּען אָדֶער
צְוֵוייא יוּנְגֶע טויבֶּען, אֵיינֶע צוּ אֵיין
בְּרַאנְד־אָפְּפֶער, אוּנְד אֵיינֶע צוּ אֵיין
זִינְד־אָפְּפֶער, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מְכַפֵּר
זַיין אוֹיף אִיהְר, אוּנְד זִיא זָאל רֵיין זַיין:

קאַפִּיטעל יג

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אוּנְד צוּ אַהֲרֹן, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 װעֶן אֵיין מֶענְשׁ װעֶט הָאבֶּען אִין
דִיא הויט פוּן זַיין פְלֵיישׁ אֵיינֶע גֶע־
שְׁווִילְסְט אָדֶער אֵיינֶע בֶּעהֶעפְטוּנְג, אָדֶער
אֵיין װַייסֶען גְרִינְד, אוּנְד עֶס װעֶט
װעֶרֶען אִין דֶער הויט פוּן זַיין פְלֵיישׁ
צוּ אֵיין פְּלָאג פוּן דִיא קְרֶעצְ, אַזוֹי זָאל
עֶר גֶעבְּרַאכְט װעֶרֶען צוּ אַהֲרֹן דֶעם
כֹּהֵן, אָדֶער צוּ אֵיינֶעם פוּן זַיינֶע זִיהְן,
דִיא כֹּהֲנִים:
3 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זֶעהְן דִיא פְּלָאג
אִין דִיא הויט פוּן דֶעם פְלֵיישׁ, אוּנְד װעֶן
דִיא הָאר פוּן דִיא פְּלָאג אִיז פֶערְקֶערְט
גֶעװָארֶען װַייס, אוּנְד דָאס אָנְזֶעהֶען פוּן
דִיא פְּלָאג אִיז טִיפֶער װִיא דִיא הויט פוּן
זַיין פְלֵיישׁ, אַזוֹי אִיז עֶס אַ פְּלָאג פוּן דִיא
קְרֶעצְ, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל אִיהְם זֶעהְן אוּנְד
עֶר זָאל אִיהְם עֶרְקְלֶערֶען פִיר אוּנְרֵיין:
4 אוּנְד װעֶן דֶער גְרִינְד אִיז װַייס אִין
דִיא הויט פוּן זַיין פְלֵיישׁ, אוּנְד זַיין
אָנְזֶעהֶן אִיז נִיט טִיפֶער פוּן דִיא הויט,
אוּנְד דִיא הָאר אִיז נִיט פֶערְקֶערְט גֶע־
װָארֶען װַייס, אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן פֶערְ־
שְׁלִיסֶען דִיא פְּלָאג אוֹיף זִיבֶּען טֶעג:
5 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל אִיהְם זֶעהְן אָן
דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג, אוּנְד װעֶן דִיא פְּלָאג
אִיז שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען נָאךְ זַיינֶע אוֹיגֶען,
דִיא פְּלָאג הָאט זִיךְ נִיט אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט
אִין דִיא הויט, אַזוֹי זָאל אִיהְם דֶער
כֹּהֵן פֶערְשְׁלִיסֶען אוֹיף אַנְדֶערֶע זִיבֶּען
טֶעג:
6 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל אִיהְם זֶעהְן אָן
דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג צוּם צְוֵוייטֶען מָאל,
אוּנְד װעֶן דִיא פְּלָאג אִיז דוּנְקֶעל גֶעוָוא־
רֶען, אוּנְד דִיא פְּלָאג הָאט זִיךְ נִיט
אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אִין דִיא הויט, אַזוֹי זָאל
אִיהְם דֶער כֹּהֵן פִיר רֵיין עֶרְקְלֶערֶען, דָאס
אִיז אֵיינֶע בֶּעהֶעפְטוּנְג, אוּנְד עֶר זָאל
װַאשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר זָאל
רֵיין זַיין:
7 אָבֶּער װעֶן דִיא בֶּעהֶעפְטוּנְג הָאט
זִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אִין דִיא הויט, נָאךְ
דֶעם װִיא עֶר הָאט זִיךְ גֶעוִויזֶען צוּ דֶעם
כֹּהֵן אִיהְם צוּ רֵיינִיגֶען, אַזוֹי זָאל עֶר
זִיךְ װֵייזֶען צוּם אַנְדֶערֶען מָאל צוּ דֶעם
כֹּהֵן:
8 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זֶעהְן, אוּנְד נוּן
דִיא בֶּעהֶעפְטוּנְג הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט
אִין דִיא הויט, אַזוֹי זָאל אִיהְם דֶער
כֹּהֵן עֶרְקְלֶערֶען פִיר אוּנְרֵיין, עֶס אִיז
דִיא קְרֶעצְ:



װעֶן

9 וֶוען דִיא פְּלָאג פוּן דִיא קְרֶעץ וֶועט זַיין אָן אֵיין מֶענְשׁ, אַזוֹי זָאל עֶר גֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען צוּ דֶעם כֹּהֵן:

10 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זֶעהְן, אוּנְד וֶוען אֵיינֶע ווייסֶע גֶעשְׁווִילְסְט אִיז אִין דִיא הוֹיט, אוּנְד דִיא הָאר אִיז ווייס פֶערקֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אֵיין צֵייכֶען פוּן ווִילְד פְלֵיישׁ אִיז אִין דֶער גֶעשְׁווִילְסְט:

11 אַזוֹי אִיז עֶס אֵיינֶע אַלְטֶע קְרֶעץ אִין דִיא הוֹיט פוּן זַיין פְלֵיישׁ, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל אִיהְם עֶרְקְלֶערֶען פִיר אוּנְ־רֵיין, עֶר זָאל אִיהְם נִיט פֶערשְׁלִיסֶען, וָוארִין עֶר אִיז אוּנְרֵיין:

12 אוּנְד וֶוען דִיא קְרֶעץ וֶועט אוֹיסְ־שְׁלָאגֶען אִין דִיא הוֹיט, אוּנְד דִיא קְרֶעץ וֶועט בֶּעדֶעקֶען דִיא גַאנְצֶע הוֹיט פוּן דִיא פְּלָאג, פוּן זַיין קָאפְּ אוּנְד בִּיז זַיינֶע פִיס, נָאךְ אַלֶעם אָנְזֶעהֶען נָאךְ פוּן דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם כֹּהֵן:

13 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זֶעהְט עֶס אוּנְד נוּן דִיא קְרֶעץ הָאט בֶּעדֶעקְט זַיין גַאנְצֶעם פְלֵיישׁ, אַזוֹי זָאל עֶר פָאר רֵיין עֶרְקְלֶערֶען דִיא פְּלָאג, עֶס אִיז גַאנְץ פֶערקֶערְט גֶעוָוארֶען ווייס, עֶר אִיז רֵיין:

14 אָבֶּער אִין דֶעם טָאג אַז ווִילְדפְלֵיישׁ, וֶועט זִיךְ ווייזֶען אִין אִיהְם, אַזוֹי זָאל עֶר אוּנְרֵיין זַיין:

15 אוּנְד וֶוען דֶער כֹּהֵן וֶועט זֶעהְן דָאס ווִילְדפְלֵיישׁ, אַזוֹי זָאל עֶר אִיהְם פַאר אוּנְרֵיין עֶרְקְלֶערֶען, דָאס ווִילְדְפְלֵיישׁ אִיז אוּנְרֵיין, דָאס אִיז דִיא קְרֶעץ:

16 אָדֶער וֶוען דָאס ווִילְדְפְלֵיישׁ וֶועט זִיךְ ווידֶערקֶעהְרֶען אוּנְד וֶועט פֶערְ־קֶעהְרְט וֶוערֶען צוּ ווייס, אַזוֹי זָאל עֶר קוּמֶען צוּ דֶעם כֹּהֵן:

17 אוּנְד וֶוען דֶער כֹּהֵן וֶועט זֶעהְן, אוּנְד נוּן דִיא פְּלָאג אִיז פֶערקֶערְט גֶעוָוארֶען צוּ ווייס, אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן עֶרְקְלֶערֶען דִיא פְּלָאג פַאר רֵיין, עֶר אִיז רֵיין:

18 אוּנְד דָאס פְלֵיישׁ וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אִיהְם אִין זַיין הוֹיט אֵיין גְרִינְד, אוּנְד עֶס אִיז גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען:

19 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אָן דֶעם אָרְט פוּן דֶעם גְרִינְד אֵיינֶע ווייסֶע גֶעשְׁווִילְסְט אָדֶער אֵיין ווייסֶע גְרִינְד, וָואס אִיז גֶעוָוארֶען ווייס־רוֹיטְלִיךְ, אַזוֹי זָאל עֶר זִיךְ ווייזֶען צוּ דֶעם כֹּהֵן:

20 אוּנְד וֶוען דֶער כֹּהֵן וֶועט זֶעהְן, אוּנְד נוּן זַיין אָנְזֶעהְן אִיז נִידְרִיגֶער פוּן דִיא הוֹיט, אוּנְד זַיין הָאר אִיז ווייס פֶערקֶעהְרְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן אִיהְם עֶרְקְלֶערֶען פַאר אוּנְרֵיין, עֶס אִיז דִיא פְּלָאג פוּן דִיא קְרֶעץ, עֶס אִיז אוֹיסְגֶעשְׁלָאגֶען אִין דֶעם גְרִינְד:

21 אוּנְד וֶוען דֶער כֹּהֵן וֶועט עֶס זֶעהְן אוּנְד נוּן עֶס אִיז דַארִינֶען קֵיינֶע ווייסֶע הָאר, אוּנְד עֶס אִיז נִיט נִידְרִיגֶער פוּן דִיא הוֹיט, אוּנְד עֶס אִיז דוּנְקֶעל גֶעוָוא־רֶען, אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן אִיהְם פֶערְ־שְׁלִיסֶען אוֹיף זִיבֶּען טֶעג:

22 אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט זִיךְ אוֹיסְשְׁפְּרֵיי־טֶען אִין דִיא הוֹיט, אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן אִיהְם עֶרְקְלֶערֶען פַאר אוּנְרֵיין, עֶס אִיז אֵיינֶע פְּלָאג:

23 אָבֶּער וֶוען דֶער ווייסֶער גְרִינְד בְּלֵייבְּט שְׁטֵיין אוֹיף זַיין אָרְט, אוּנְד שְׁפְּרֵייט זִיךְ נִיט אוֹיס, דָאס אִיז אֵיין הֶעפְּט פוּן דֶעם גְרִינְד, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל אִיהְם עֶרְקְלֶערֶען פַאר רֵיין:

24 אָבֶּער פוּן וֶועגֶען דֶעם פְלֵיישׁ, וֶוען עֶס וֶועט זַיין אִין זַיינֶע הוֹיט אֵיין בְּרַאנְד פוּן פַייעֶר, אוּנְד עֶס וֶועט וֶוערֶען דָאס צֵייכֶען פוּן דֶעם בְּרַאנְד אֵיין ווייסֶער רִינְד, ווייס־רוֹיטְלִיךְ, אָדֶער ווייס:

אוּנְד

25 אוּנְד וֶוען דֶער כֹּהֵן וֶועט עֶס זֶעהֶען, אוּנְד נוּן דִיא הָאר אִיז וַויים פֶערקֶערט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם וַוייסֶען גְרִינְד, אוּנְד זַיין אויסְזֶעהֶען אִיז טִיפֶער פוּן דִיא הויט, אַזוֹי אִיז עֶס דִיא קְרֶעץ, עֶס אִיז אויסְגֶעשְׁלָאגֶען אִין דֶעם בְּרַאנְד, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל אִיהְם עֶרְקְלֶערֶען פַאר אוּמְרֵיין, עֶס אִיז דִיא פְּלָאג פוּן דִיא קְרֶעץ:

26 אוּנְד וֶוען דֶער כֹּהֵן וֶועט עֶס זֶעהֶען, אוּנְד נוּן עֶס אִיז נִיט אִין דֶעם וַוייסֶען גְרִינְד קֵיין וַוייסֶע הָאר, אוּנְד זִיא אִיז נִיט נִידְרִיגֶער פוּן דִיא הויט, אוּנְד זִיא אִיז טוּנְקֶעל, אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן אִיהְם פֶערְשְׁלִיסֶען אויף זִיבֶּען טֶעג:

27 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל אִיהְם זֶעהֶען אִין דֶעם זִיבְּטֶען טָאג, וֶוען עֶס הָאט זִיךְ אויסְגֶעשְׁפְּרֵייט אִין דִיא הויט, אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן אִיהְם עֶרְקְלֶערֶען פַאר אוּמְרֵיין. עֶס אִיז דִיא פְּלָאג פוּן דִיא קְרֶעץ:

28 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען דֶער וַוייסֶער גְרִינְד אויף זַיין אָרְט, עֶס הָאט זִיךְ נִיט אויסְגֶעשְׁפְּרֵייט אִין דִיא הויט, אוּנְד עֶס אִיז טוּנְקֶעל, דָאס אִיז אֵיינֶע גֶעשְׁוִוילֶעכְטְס פוּן דֶעם בְּרַאנְד, אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן אִיהְם עֶרְקְלֶערֶען פַאר רֵיין, דֶען עֶס אִיז אֵיין הֶעפְּט פוּן דֶעם בְּרַאנְד:

29 אוּנְד אֵיין מַאן אָדֶער אֵיין וַוייבּ, וֶוען עֶס וֶועט זַיין אָן אִיהְם אֵיינֶע פְּלָאג אָן דֶעם קָאפְּף אָדֶער אָן דֶעם בָּארְט:

30 אוּנְד דֶער כֹּהֵן וֶועט זֶעהֶען דִיא פְּלָאג, אוּנְד נוּן אִיהר אויסְזֶעהֶען אִיז טִיפֶער פוּן דִיא הויט, אוּנְד עֶס אִיז דְרִינֶען דִינֶע גָאלְדְפַארְבִּיגֶע הָאר, אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן אִיהְם עֶרְקְלֶערֶען פַאר אוּמְרֵיין, עֶס אִיז נֶתֶק, עֶס אִיז דִיא קְרֶעץ פוּן דֶעם קָאפְּף אָדֶער פוּן דֶעם בָּארְט:

31 אוּנְד וֶוען דֶער כֹּהֵן וֶועט זֶעהֶען דִיא פְּלָאג פוּן נֶתֶק, אוּנְד נוּן אִיהר אָנְזֶעהֶען אִיז נִיט טִיפֶער פוּן דִיא הויט, אוּנְד קֵיין שְׁוַוארְצֶעס הָאר אִיז דְרִינֶען, אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן פֶערְשְׁלִיסֶען דִיא פְּלָאג פוּן נֶתֶק אויף זִיבֶּען טֶעג:

32 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זֶעהֶען דִיא פְּלָאג אויף דֶעם זִיבְּטֶען טָאג, אוּנְד נוּן דִיא נֶתֶק הָאט זִיךְ נִיט אויסְגֶעשְׁפְּרֵייט, אוּנְד עֶס אִיז נִיט דְרִינֶען קֵיין גָאלְדְפַארְבִּיגֶע הָאר, אוּנְד דָאס אָנְזֶעהֶען אִיז נִיט טִיפֶער פוּן דִיא הויט:

33 אַזוֹי זָאל עֶר אָבְּגֶעשָׁארֶען וֶוערֶען, אָבֶּער דִיא נֶתֶק זָאל עֶר נִיט אָבְּשֶׁערֶען, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל פֶערְשְׁלִיסֶען דִיא נֶתֶק אויף אַנְדֶערֶע זִיבֶּען טֶעג:

34 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זֶעהֶען דִיא נֶתֶק אויף דֶעם זִיבְּטֶען טָאג, אוּנְד נוּן דִיא נֶתֶק הָאט זִיךְ נִיט אויסְגֶעשְׁפְּרֵייט אִין דִיא הויט, אוּנְד אִיהר אָנְזֶעהֶען אִיז נִיט טִיפֶער פוּן דִיא הויט, אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן אִיהְם עֶרְקְלֶערֶען פַאר רֵיין, אוּנְד עֶר זָאל וַואשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער אוּנְד עֶר זָאל רֵיין זַיין:

35 אָבֶּער וֶוען דֶער נֶתֶק הָאט זִיךְ אויסְגֶעשְׁפְּרֵייט אִין דִיא הויט נָאךְ זַיינֶע רֵיינִיגוּנְג:

36 אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן אִיהְם זֶעהֶען, אוּנְד נוּן דִיא נֶתֶק הָאט זִיךְ אויסְגֶעשְׁפְּרֵייט אִין דִיא הויט, דֶער כֹּהֵן זָאל נִיט זוּכֶען פַאר גָאלְדְפַארְבִּיגֶע הָאר, עֶר אִיז אוּמְרֵיין:

37 אָבֶּער וֶוען דִיא נֶתֶק אִיז נָאךְ זַיינֶע

אויגען נאך שטיין געבליבען, אונד
שוואַרצע האר געשפּראָצט דרינגען, אַזוי
איז דיא נתק געהיילט, ער איז ריין,
אונד דער כהן זאָל איהם ערקלערען פאַר
ריין:
38 אונד איין מאַן אָדער איין ווייב,
ווען עס וועט זיין אין דיא הויט פון
זייער פלייש גרינדע, ווייסע גרינדע:
39 אונד דער כהן וועט זעהען, אונד
נון אין דיא הויט פון זייער פלייש
זענען גרינדע טונקעל ווייס, עס איז
בהק, עס איז אויסגעשלאָגען אין דיא
הויט ער איז ריין:
40 אונד איין מאַן ווען זיין האר וועט
אויסקריכען פון קאָפּף, עס איז קאָהל,
אַזוי איז ער ריין:
41 אונד ווען פון דיא עקען פון זיין
אַנגעזיכט וועט זיין קאָפּף האר אויס־
קריכען, ער איז פאָרדער־קאָהל, אַזוי
איז ער ריין:
42 אָבער ווען עס וועט זיין אין זיינע
קאָהלהייט, אָדער אין זיינע פאָרדער־
קאָהלהייט, איין פלאַג ווייס־רויטלעך,
עס איז דיא קרעץ וואָס האָט אויסגע־
שלאָגען אין זיינע קאָהלהייט, אָדער
אין זיינע פאָרדער־קאָהלהייט:
43 אונד דער כהן זאָל איהם זעהען,
אונד נון עס איז איינע געשווילעכטס
פון דיא פלאַג ווייס־רויטלעך אין זיינע
קאָהלהייט, אָדער אין זיינע פאָרדער־
קאָהלהייט, גלייך אַזוי וויא דאָס אויס־
זעהען פון דיא קרעץ פון דיא הויט
פון דעם פלייש:
44 ער איז איין קרעציגער מאַן, ער
איז אומריין, דער כהן זאָל איהם געוויס
ערקלערען פאַר אומריין, דיא פלאַג איז
אין זיין קאָפּף:

45 אונד דער קרעציגער וואָס דיא
פלאַג איז אין איהם, זיינע קליידער
זאָלען ווערען צוריסען, אונד זיין קאָפּף זאָל
זיין אויפגעדעקט, אונד איבער זיינע
לעפצען זאָל ער צודעקען אונד ער
זאָל אויסרופען, טמא! טמא!
46 אַלע טעג וואָס דיא פלאַג איז אין
איהם זאָל ער אומריין זיין, ער איז
אומריין, ער זאָל אַליין זיצען, זיינע
וואוינונג זאָל זיין אויסוועניג פון דעם
לאַגער:
47 אונד דאָס קלייד ווען עס וועט
זיין אין איהם דיא פלאַג פון דיא קרעץ,
אין איין קלייד פון וואָל, אָדער אין איין
קלייד פון ליינען:
48 אויב אין דיא ברייט אָדער דיא
לענג פון ליינען אָדער פון וואָל, אָדער
פון פעל אָדער פון אַלערלייא ווערק
פון פעל:
49 אונד דיא פלאַג וועט זיין גרינלעך
אָדער רויטלעך אין דעם קלייד אָדער
אין דעם פעל, אָדער אין דיא לענג
אָדער אין דיא ברייט, אָדער אין
אַלערלייא צייג פון פעל, עס איז דיא
פלאַג פון דיא קרעץ, אונד עס זאָל
געוויזען ווערען צו דעם כהן:
50 אונד ווען דער כהן וועט זעהען דיא
פלאַג, אַזוי זאָל ער פערשליסען דיא
פלאַג פאַר זיבען טעג:
51 אונד ער זאָל זעהען דיא פלאַג
אויף דעם זיבטען טאָג, ווען דיא פלאַג
האָט זיך ניט אויסגעשפּרייט אין דעם
קלייד אָדער אין דיא לענג אָדער אין
דיא ברייט אָדער אין דעם פעל אין
אַלערלייא ווערק וואָס דאָס פעל איז גע
מאַכט געוואָרען, דיא פלאַג איז איינע
בייז אַרטיגע קרעץ עס איז אומריין:

52 אונד מען זאל פערברענען דאס
קלייד, אדער דיא ברייט אדער דיא
לענג אין ליינען, אדער אלערלייא צייג
פון הויט וואס עס וועט זיין דרינען
דיא פלאג וייל עס איז איינע בייזארטיגע
קרעץ, עס זאל פערברענט ווערען מיט
פייער:
53 אונד ווען דער כהן וועט זעהען
אונד נון דיא פלאג האט זיך ניט
אויסגעשפרייט אין דעם קלייד אדער
אין דיא לענג אדער אין דיא ברייט,
אדער אין אלערלייא צייג פון פעל:
54 אזוי זאל דער כהן בעפעהלען אונד
זייא זאלען וואשען דאס קלייד וואס דיא
פלאג איז דרינען, אונד ער זאל איהם
פערשליסען אויף אנדערע זיבען טעג:
55 אונד דער כהן וועט זעהען נאך
דעם אז דיא פלאג איז געוואשען
געווארען, אונד דיא פלאג האט ניט
פערקעהרט איהר שיין, אונד דיא
פלאג האט זיך ניט אויסגעשפרייט, איז
עס אומריין, דוא זאלסט עס פער-
ברענען מיט פייער, עס איז איינע
פוילונג איינווענדיג אין זיינע קאהלהייט
אדער זיינע פארדער קאהלהייט:
56 אונד ווען דער כהן וועט זעהען
אונד נון דיא פלאג איז טונקעל געווארען
נאך דעם אז עס איז געוואשען געווארען,
אזוי זאל ער עס אויסרייסען פון דעם
קלייד, אדער פון דעם פעל, אדער פון
לענג אדער פון דיא ברייט:
57 אונד ווען עס וועט נאכגעזעהען
ווערען אין דעם קלייד אדער אין דיא
לענג אדער אין דיא ברייט, אדער אין
אלערלייא צייג פון פעל, עס איז איינע
אויסשלאגענדיגע קרעץ, דוא זאלסט עס
פערברענען מיט פייער וואס דיא פלאג
איז דרינען:
58 אונד דאס קלייד אדער דיא לענג
אדער דיא ברייט, אדער אלערלייא צייג
פון פעל וואס דוא וועסט וואשען, אונד
דיא פלאג ווערט אפגעטהון פון איהם
אזוי זאל עס געוואשען ווערען צום
אנדערען מאל, אונד עס זאל ריין זיין:
59 דאס דאזיגע איז דיא לערנונג פון
דיא פלאג פון דיא קרעץ אין איין
קלייד פון וואל אדער פון ליינען אדער
לענג אדער ברייט אדער אלערלייא צייג
פון פעל, עס צו ערקלערען פאר ריין
אדער פאר אומריין:

## מצורע.

### קאפיטעל יד.

1 אונד גאט האט גערעדט צו משה
אזוי צו זאגען:
2 דאס דאזיגע זאל זיין דיא לערנונג
פון דעם קרעציגען, אין דעם טאג פון
זיינע ריינינגונג אונד ער זאל געבראכט
ווערען צו דעם כהן:
3 אונד דער כהן זאל ארויסגיין צו
אויסענווייניג פון לאגער, אונד דער כהן
וועט זעהען, אונד נון דיא פלאג פון
דיא קרעץ איז געהיילט פון דעם
קרעציגען:
4 אונד דער כהן זאל בעפעהלען אונד
מען זאל נעמען פאר דעם וואס זאל
געריינגט ווערען צווייא לעבעדיגע
ריינע פייגעל, אונד צעדערען האלץ אונד
קארמיזין אונד אזוב:
5 אונד דער כהן זאל בעפעהלען אונד
מען זאל שעכטען דעם איינעם פויגעל
איבער איין אירדענעם געפעס, איבער
קוועלענדיגעם וואסער:
6 דעם לעבענדיגען פויגעל זאל ער
נעמען, אונד דאס צעדערען האלץ, אונד

דָאס קַארְמִיזִין אוּנְד דֶעם אֵזוֹב, אוּנְד
עֶר זָאל זַייא אוּנְד דֶעם לֶעבֶּענְדִיגֶען
פוֹיגֶעל אֵיינְטוּנְקֶען אִין דֶעם בְּלוּט פוּן
דֶעם פוֹיגֶעל וָואס אִיז גֶעשָׁאכְטֶען גֶע־
וָוארֶען אִיבֶּער דֶעם קְוָועלֶענְדִיגֶען
וַואסֶער:
7 אוּנְד עֶר זָאל שְׁפְּרֶענְגֶען אוֹיף דֶעם,
וָואס אִיז צוּ רֵיינִיגֶען פוּן דִיא קְרֶעץ
זִיבֶּען מָאל אוּנְד עֶר זָאל אִיהְם עֶרְקְלֶע
רֶען פַאר רֵיין, אוּנְד עֶר זָאל דֶעם
לֶעבֶּענְדִיגֶען פוֹיגֶעל לָאזֶען אַוֶועקְפְלִיהֶען
אוֹיף דֶעם פְרֵייעֶן פֶעלְד:
8 אוּנְד דֶער וָואס זָאל גֶערֵיינִיגְט זֵיין
זָאל וַואשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר
זָאל אָפְּשֶׁערֶען אַלֶע זַיינֶע הָאר, אוּנְד
עֶר זָאל זִיךְ וַואשֶׁען אִים וַואסֶער, אוּנְד
עֶר זָאל רֵיין זֵיין, אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאל
עֶר קוּמֶען אִין דֶעם לַאגֶער אַרֵיין, אוּנְד
עֶר זָאל זִיצֶען אוֹיסְוֶוייניג פוּן זֵיין
גֶעצֶעלְט זִיבֶּען טֶעג:
9 אוּנְד עֶס זָאל זֵיין אוֹיף דֶעם זִיבְּטֶען
טָאג זָאל עֶר אָפְּשֶׁערֶען אַלֶע זַיינֶע הָאר,
זֵיין קָאפְּף־הָאר אוּנְד זֵיין בָּארְד, אוּנְד
זַיינֶע אוֹיגֶען בְּרֶעמֶען, אוּנְד אַלֶע זַיינֶע
הָאר זָאל עֶר אָבְּשֶׁערֶען, אוּנְד עֶר זָאל
וַואשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זָאל וַוא־
שֶׁען זֵיין פְלֵיישׁ מִיט וַואסֶער, אוּנְד עֶר
זָאל רֵיין זֵיין:
10 אוּנְד אָן דֶעם אַכְטֶען טָאג זָאל עֶר
נֶעמֶען צְוֵוייא לֶעמֶער אָהְן פֶעהלֶער
אוּנְד אֵיין שָׁאף אֵיין יָאהְר אַלְט אָהְן
פֶעהְלֶער, אוּנְד דְרֵייא צֶעהְנְטֶל פוּן
זֶעמֶעל מֶעל, אַלְס שְׁפֵּייזְאָפְּפֶער גֶעמִישְׁט
מִיט אֵייל אוּנְד אֵיין לוֹג פוּן אֵייל:
11 אוּנְד דֶער כֹּהֵן וָואס רֵיינִיגְט זָאל
שְׁטֶעלֶען דֶעם מַאן וָואס זָאל גֶערֵיינִיגְט
וֶוערֶען, אוּנְד זַייא, פַאר גָאט בֵּייא דִיא
טִיהְר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְ־
זַאמְלוּנְג:
12 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל נֶעמֶען דָאס
אֵיינֶע לַאם אוּנְד עֶר זָאל דָאס גֶענֶעהֶנֶען
צוּ אֵיין שׁוּלְדאָפְּפֶער, אוּנְד דֶעם לוֹג
פוּן אֵייל אוּנְד עֶר זָאל זַייא אוֹיפְהֵייבֶּען
אֵיינֶע אוֹיפְהֵייבוּנְג פַאר גָאט:
13 אוּנְד עֶר זָאל שֶׁעכְטֶען דָאס לַאם
אִין דֶעם אָרְט וְואוּ מֶען שֶׁעכְט דָאס
זִינְדְאָפְּפֶער, אוּנְד דַאס בְּרַאנְדאָפְּפֶער,
אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט, דֶען וַוייל אַזוֹי
וַויא דָאס זִינְדאָפְּפֶער אִיז דָאס שׁוּלְד
אָפְּפֶער צוּ דֶעם כֹּהֵן עֶס אִיז גַאנְץ
הֵיילִיג:
14 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל נֶעמֶען פוּן
דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם שׁוּלְדאָפְּפֶער, אוּנְד
דֶער כֹּהֵן זָאל עֶס טהוּן אוֹיף דֶעם
רֶעכְטֶען אָהְרלַאפֶּען פוּן דֶעם וָואס אִיז
צוּ רֵיינִיגֶען, אוּנְד אוֹיף דֶעם דוֹימֶען פוּן
זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד אוֹיף דֶעם
דוֹימֶען פוּן זֵיין רֶעכְטֶען פוּס:
15 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל נֶעמֶען פוּן
דֶעם לוֹג אֵייל אוּנְד עֶר זָאל גִיסֶען אוֹיף
דִיא רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן דֶעם כֹּהֵן:
16 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל אֵיינְטוּנְקֶען
דֶעם פִינְגֶער פוּן זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אִין
דֶעם אֵייל וָואס אִיז אוֹיף זַיינֶע לִינְקֶען
הַאנְד, אוּנְד עֶר זָאל שְׁפְּרֶענְגֶען פוּן
דֶעם אֵייל מִיט זֵיין פִינְגֶער זִיבֶּען מָאל
צוּ פַאר גָאט:
17 אוּנְד פוּן דֶעם אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶעם
אֵייל וָואס אִיז אוֹיף זַיינֶע הַאנְד, זָאל
דֶער כֹּהֵן טוּהְן אוֹיף דֶעם רֶעכְטֶען
אָהְרלַאפֶּען פוּן דֶעם וָואס אִיז צוּ
רֵיינִיגֶען אוּנְד אוֹיף דֶעם דוֹימֶען פוּן זַיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד אוֹיף דֶעם דוֹימֶען פוּן
זֵיין רֶעכְטֶען פוּס, אִיבֶּער דֶעם שׁוּלְד

אָפְּפֶער :
18 אוּנְד וָואס אִיבֶּערִיג בְּלֵייבְּט פוּן
דֶעם אֵייל וָואס אִיז אוֹיף דִיא הַאנְד
פוּן דֶעם כֹּהֵן זָאל עֶר טְהוּן אוֹיף דֶעם
קָאפְּף וָואס אִיז צוּ רֵיינִיגֶען, אוּנְד דֶער
כֹּהֵן זָאל פַאר אִיהְם מְכַפֵּר זֵיין פַאר
גָאט :
19 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מַאכֶען דָאס
זִינְדאָפְּפֶער אוּנְד עֶר זָאל מְכַפֵּר זֵיין
אוֹיף דֶעם וָואס אִיז צוּ רֵיינִיגֶען פַאר
זֵיינֶע אוּמְרֵיינְקֵייט, אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאל
עֶר שֶׁעכְטֶען דָאס בְּרַאנְדאָפְּפֶער :
20 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל אָפְּפֶערֶען
דָאס בְּרַאנְדאָפְּפֶער אוּנְד דָאס שְׁפֵּייז־
אָפְּפֶער אוֹיף דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל, אוּנְד
דֶער כֹּהֵן זָאל מְכַפֵּר זֵיין אוֹיף אִיהְם
אוּנְד עֶר זָאל רֵיין זֵיין :
21 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אָרֶעם, אוּנְד
זֵיינֶע הַאנְד גְרֵייכְט נִיט, אַזוֹי זָאל עֶר
נֶעמֶען אֵיין לַאם אַלְס שׁוּלְדאָפְּפֶער צוּ
אֵיינֶע אוֹיפְהֵייבוּנְג מְכַפֵּר צוּ זֵיין אוֹיף
אִיהְם, אוּנְד אֵיין צֶעהְנְטֶעל פוּן זֶעמֶעל
מֶעל גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל צוּ אֵיין שְׁפֵּייז
אָפְּפֶער, אוּנְד אֵיין לוֹג אֵייל :
22 אוּנְד צְוֵייא טִירְטֶעלְטוֹיבֶּען אָדֶער
צְוֵייא יוּנְגֶע טוֹיבֶּען, וָואס זֵיינֶע הַאנְד
וֶועט גְרֵייכֶען אוּנְד דָאס אֵיינֶע זָאל
זֵיין אֵיין זִינְדאָפְּפֶער, אוּנְד דָאס אַנְדֶערֶע
אֵיין בְּרַאנְדאָפְּפֶער :
23 אוּנְד עֶר זָאל זֵייא בְּרֶענְגֶען אָן
דֶעם אַכְטֶען טָאג פוּן זֵיינֶע רֵיינִיגוּנְג
צוּ דֶעם כֹּהֵן צוּ דִיא טִיהר פוּן דֶעם
גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג צוּ פַאר
גָאט :
24 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל נֶעמֶען דָאס
לַאם פוּן דֶעם שׁוּלְדאָפְּפֶער, אוּנְד דֶעם
לוֹג אֵייל, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זֵייא
אוֹיפְהֵייבֶּען אֵיינֶע אוֹיפְהֵייבוּנְג צוּ פַאר
גָאט :
25 אוּנְד עֶר זָאל שֶׁעכְטֶען דָאס לַאם
פוּן דֶעם שׁוּלְדאָפְּפֶער, אוּנְד דֶער כֹּהֵן
זָאל נֶעמֶען פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם
שׁוּלְדאָפְּפֶער, אוּנְד עֶר זָאל עֶס טְהוּן אוֹיף
דֶעם רֶעכְטֶען אָהְרְלַאפֶּען פוּן דֶעם וָואס
אִיז צוּ רֵיינִיגֶען, אוּנְד אוֹיף דֶעם דוֹימֶען
פוּן זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד אוֹיף
דֶעם דוֹימֶען פוּן זֵיין רֶעכְטֶען פוּס :
26 אוּנְד פוּן דֶעם אֵייל זָאל דֶער כֹּהֵן
גִיסֶען אוֹיף דִיא לִינְקֶע הַאנְד פוּן דֶעם
כֹּהֵן :
27 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל שְׁפְּרֶענְגֶען
מִיט דֶעם פִינְגֶער פוּן זֵיינֶע רֶעכְטֶע
הַאנְד פוּן דֶעם אֵייל וָואס אִיז אוֹיף
זֵיינְע לִינְקֶע הַאנְד, זִיבֶּען מָאל צוּ פַאר
גָאט :
28 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל טְהוּן פוּן דֶעם
אֵייל וָואס אִיז אוֹיף זֵיינֶע הַאנְד אוֹיף
דֶעם רֶעכְטֶען אָהְרְלַאפֶּען פוּן דֶעם וָואס
אִיז צוּ רֵיינִיגֶען, אוּנְד אוֹיף דֶעם דוֹימֶען
פוּן זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד אוֹיף דֶעם
דוֹימֶע פוּן זֵיין רֶעכְטֶען פוּס, אוֹיף דֶעם
אָרְט פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם שׁוּלְד־
אָפְּפֶער :
29 אוּנְד וָואס אִיבֶּערִיג בְּלֵייבְּט פוּן
דֶעם אֵייל וָואס אִיז אוֹיף דִיא הַאנְד
פוּן דֶעם כֹּהֵן, זָאל עֶר טְהוּן אוֹיף דֶעם
קָאפְּף פוּן דֶעם וָואס אִיז צוּ רֵיינִיגֶען,
מְכַפֵּר צוּ זֵיין אוֹיף אִיהְם צוּ פַאר
גָאט :
30 אוּנְד עֶר זָאל מַאכֶען דִיא אֵיינֶע פוּן
דִיא טִירְטֶעל טוֹיבֶּען אָדֶער פוּן דִיא יוּנְגֶע
טוֹיבֶּען, פוּן דֶעם וָואס זֵיינֶע הַאנְד
וֶועט גְרֵייכֶען :
31 וָואס זֵיינֶע הַאנְד וֶועט גְרֵייכֶען

דָאס אֵיינֶע אֵיין זִינְד אָפְּפֶער, אוּנְד דָאס אַנְדֶערֶע אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מְכַפֵּר זֵיין אוֹיף דֶעם וָואס זָאל גֶערֵיינִיגְט זֵיין פַאר גָאט:

32 דָאס אִיז דִיא לֶערְנוּנְג פוּן וֶועגֶען דֶעם וָואס דִיא פְּלָאג פוּן דִיא קְרֶעץ אִיז אוֹיף אִיהְם, וֶועמֶעס הַאנְד וֶועט נִיט גְרֵייכֶען אִין זַיינֶע רֵיינִיגוּנְג:

33 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

34 וֶוען אִיהְר וֶועט קוּמֶען אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, וָואס אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען צוּ אֵייךְ פַאר אֵיין בֶּעזִיץ אוּנְד אִיךְ וֶועל טְהוּן דִיא פְּלָאג פוּן דִיא קְרֶעץ אִין אֵיין הוֹיז פוּן דֶעם לַאנְד פוּן אֵייעֶר בֶּעזִיץ:

35 אַזוֹי זָאל דֶער וָואס דָאס הוֹיז גֶעהֶערְט צוּ אִיהְם קוּמֶען, אוּנְד זָאל דֶערְצֵיילֶען צוּ דֶעם כֹּהֵן אַזוֹי צוּ זָאגֶען, עֶס אִיז גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען פוּן מִיר גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אֵיין פְּלָאג אִין דֶעם הוֹיז:

36 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל בֶּעפֶעהלֶען אַז זַייא זָאלֶען אוֹיס רוֹימֶען דֶעם הוֹיז, אֵיידֶער דֶער כֹּהֵן וֶועט קוּמֶען צוּ זֶעהֶען דִיא פְּלָאג, אַז עֶס זָאל נִיט אוּמְרֵיין וֶוערֶען אַלֶעס וָואס אִיז אִין דֶעם הוֹיז, אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאל דֶער כֹּהֵן קוּמֶען צוּ זֶעהֶען דֶעם הוֹיז:

37 אוּנְד עֶר וֶועט זֶעהֶען דִיא פְּלָאג, אוּנְד נוּן דִיא פְּלָאג אִיז אִין דִיא פֶּערְטִיפוּנְגֶען פוּן דִיא וֶוענְט פוּן דֶעם הוֹיז, גְרִינְלֶעךְ אָדֶער רוֹיטְלֶעךְ, אוּנְד זֵייעֶר אָנְזֶעהֶען אִיז נִידְרִיגֶער פוּן דֶעם וַואנְט:

38 אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן אַרוֹיסְגֵיין פוּן דֶעם הוֹיז צוּ דִיא טִיהְר פוּן דֶעם הוֹיז, אוּנְד עֶר זָאל פֶערשְׁלִיסֶען דָאס הוֹיז אוֹיף זִיבֶּען טֶעג:

39 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל צוּרִיק קוּמֶען אוֹיף דֶעם זִיבֶּטֶען טָאג, אוּנְד עֶר וֶועט זֶעהֶען, אוּנְד נוּן דִיא פְּלָאג הָאט זִיךְ אוֹיסגֶעשְׁפְּרֵייט אִין דִיא וֶוענְט פוּן דֶעם הוֹיז:

40 אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן בֶּעפֶעהלֶען אַז זַייא זָאלֶען אוֹיסבְּרֶעכֶען דִיא שְׁטֵיינֶער וָואס דִיא פְּלָאג אִיז אִין זַייא, אוּנְד זַייא זָאלֶען זַייא אַרוֹיסוַוארְפֶען אוֹיסוֶוינִיג פוּן דֶער שְׁטָאט צוּ אֵיין אוּמְרֵיינֶעם אָרְט:

41 אוּנְד עֶר זָאל לָאזֶען דָאס הוֹיז אָבְּקְרַאצֶען פוּן אִינֶעווֵיינִיג, דָאס הוֹיז רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד זַייא זָאלֶען אַרוֹיסשִׁיטֶען דֶעם שְׁטוֹיבּ וָואס זַייא הָאבֶּען אוֹיסגֶעקְרַאצְט, אוֹיסוֶוינִיג פוּן דֶער שְׁטָאט צוּ אֵיין אוּמְרֵיינֶעם אָרְט:

42 אוּנְד זַייא זָאלֶען נֶעמֶען אַנְדֶערֶע שְׁטֵיינֶער אוּנְד זָאלֶען זַייא בְּרֶענְגֶען אָן שְׁטָאט דִיא שְׁטֵיינֶער, אוּנְד מֶען זָאל נֶעמֶען אַנְדֶערֶע שְׁטוֹיבּ אוּנְד מֶען זָאל בֶּעקְלֶעבֶּען דָאס הוֹיז:

43 אוּנְד וֶוען דִיא פְּלָאג וֶועט וִוידֶערְקֶערֶען, אוּנְד וֶועט אוֹיסשְׁלָאגֶען אִין דֶעם הוֹיז, נָאךְ דֶעם אַז מֶען הָאט אוֹיסגֶעבְּרָאכֶען דִיא שְׁטֵיינֶער, אוּנְד נָאךְ דֶעם אַז מֶען הָאט אָבְּגֶעקְרַאצְט דָאס הוֹיז אוּנְד נָאךְ דֶעם אַז מֶען הָאט בֶּעקְלֶעבְּט:

44 אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן קוּמֶען אוּנְד עֶס בֶּעזֶעהֶען אוּנְד נוּן דִיא פְּלָאג הָאט זִיךְ אוֹיסגֶעשְׁפְּרֵייט אִין דֶעם הוֹיז, דָאס אִיז אֵיינֶע בֵּייזַארְטִיגֶע קְרֶעץ אִין דֶעם הוֹיז, עֶס אִיז אוּמְרֵיין:

45 אוּנְד מֶען זָאל אֵיינוַוארְפֶען דָאס הוֹיז, זַיינֶע שְׁטֵיינֶער אוּנְד זַיינֶע הֶעלְצֶער, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע שְׁטוֹיבּ פוּן דֶעם

הויז, אונד מען זאל עס ארויסברענגען
אויסווייניג פון דער שטאט צו איין
אומריינעם ארט:
46 אונד דער וואס קומט צו דעם
הויז אלע דיא טעג וואס מען האט עס
פערשלאסען, דער זאל אומריין זיין ביז
דעם אבענד:
47 אונד דער וואס ליגט אין דעם
הויז זאל וואשען זיינע קליידער, אונד
דער וואס עסט אין דעם הויז זאל
וואשען זיינע קליידער:
48 אונד ווען דער כהן וועט קומען
אונד וועט זעהען אונד נון דיא פלאג
האט זיך ניט אויסגעשפרייט אין דעם
הויז, נאך דעם אז מען האט בע־
קלעבט דעם הויז, אזוי זאל דער כהן
ערקלערען דאס הויז פאר ריין, דען
דיא פלאג איז געהיילט געווארען:
49 אונד ער זאל נעמען צווייא פייגעל
צו ריינגען דאס הויז, אונד צעדערן
האלץ אונד קארמאזין אונד איזוב:
50 אונד ער זאל שעכטען דעם איי־
נעם פויגעל איבער איין אירדענעם גע־
פעס, איבער קוועלענדיגע וואסער:
51 אונד ער זאל נעמען דאס צעדערן
האלץ אונד דאס איזוב אונד דאס
קארמאזין אונד דעם לעבעדיגען פויגעל
אונד ער זאל זייא איינטונקען אין דעם
בלוט פון דעם פויגעל וואס איז גע־
שאכטען געווארען, אונד אין דיא קוועל־
לענדיגע וואסערן, אונד ער זאל בע־
שפרענגען דאס הויז זיבען מאל:
52 אונד ער זאל ריינגען דאס הויז
מיט דעם בלוט פון דעם פויגעל, אונד
מיט דיא קוועלענדיקע וואסערן, אונד
מיט דעם לעבעריגען פויגעל, אונד
מיט דעם צעדערן האלץ, אונד מיט
דעם איזוב, אונד מיט דעם קארמאזין:
53 אונד ער זאל דעם לעבעדיגען
פויגעל לאזען אוועקפליהען איוף דעם
פרייען פעלד, אויסווייניג פון דער
שטאט, אונד ער זאל מכפר זיין איוף
דעם הויז, אונד עס זאל ריין זיין:
54 דאס דאזיגע איז דיא לערנונג פון
אללערלייא פלאג פון דיא קרעץ, אונד
פון דעם נתק:
55 אונד פון דיא קרעץ פון איין
קלייד, אונד פון דעם הויז:
56 אונד פאר א געשווילעכטס, אונד פאר
א בעהעפטונג, אונד פאר א ווייסען גרינד:
57 צו לערנען אין דעם טאג פון דעם
אומריינעם, אונד אין דעם טאג פון
דעם ריינעם, דאס דאזיגע איז דיא
לערנונג פון דיא קרעץ:

קאפיטעל טו.

א אונד גאט האט גערעדט צו משה
אונד צו אהרן אזוי צו זאגען:
2 רעדעט צו דיא קינדער ישראל,
אונד איהר זאלט צו זייא זאגען, איט־
ליכער מאן, ווען עס וועט פליסען פון
זיין פלייש איינע פליסונג, ער איז אומריין:
3 אונד דאס דאזיגע זאל זיין זיינע
אומריינינקייט אין זיינע פליסונג, ווען זיין
פלייש פליסט זיינע פליסונג, אדער זיין
פלייש איז פערשטאפט פון זיינע פלי־
סונג, עס איז זיינע אומריינינקייט:
4 איטליכעס געלעגער וואס דער
פליסיגער וועט ליגען דרויף זאל אומ־
ריין זיין, אונד איטליכעס בלי וואס
ער וועט זיצען דרויף זאל אומריין זיין:
5 אונד איטליכער וואס וועט אנריהרען
אן זיין געלעגער זאל וואשען זיינע
קליידער, אונד זאל זיך וואשען אין
וואסער, אונד זאל אומריין זיין ביז

דָעם אָבֶענְד:

6 אוּנְד דֶער וָואס זִיצְט אוֹיף אֵיין גֶעפֶּעס וָואס דֶער פְּלִיסִיגֶער זִיצְט דְרוֹיף זָאל וַואשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער אוּנְד זָאל זִיךְ וַואשֶׁען מִיט וַואסֶער, אוּנְד זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד: *)

7 אוּנְד דֶער וָואס אָנְרִירְט אָן דֶעם פְלֵיישׁ פוּן דֶעם פְּלִיסִיגֶען זָאל וַואשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער אוּנְד זָאל זִיךְ וַואשֶׁען אִים וַואסֶער, אוּנְד זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד:

8 אוּנְד וֶוען דֶער פְּלִיסִיגֶער וֶועט שְׁפֵּייעֶן אוֹיף אֵיינֶעם רֵיינֶעם, אַזוֹי זָאל עֶר וַואשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר זָאל זִיךְ וַואשֶׁען אִים וַואסֶער, אוּנְד עֶר זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד:

9 אוּנְד אִיטְלִיכֶער זַאטֶעל וָואס דֶער פְּלִיסִיגֶער רֵייטֶעט אוֹיף אִיהְם זָאל אוּמְרֵיין זַיין:

10 אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס אָנְרִירְט אַן אַלֶעם וָואס אִיז אוּנְטֶער אִיהְם, זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד, אוּנְד דֶער וָואס טְרָאגְט זַייא זָאל וַואשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זָאל זִיךְ וַואשֶׁען אִין וַואסֶער, אוּנְד זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד:

11 אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס דֶער פְּלִיסִי-גֶער וֶועט אָנְרִיהְרֶען אָן אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט נִיט אָבְגֶעשְׁוֶוענְקְט זַיינֶע הֶענְד אִין וַואסֶער, אַזוֹי זָאל עֶר וַואשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר זָאל זִיךְ וַוא-שֶׁען אִים וַואסֶער, אוּנְד עֶר זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד:

12 אוּנְד אֵיין אִירְדֶענֶעס גֶעפֶּעס וָואס דֶער פְּלִיסִיגֶער וֶועט אָנְרִיהְרֶען דְרִין זָאל צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען, אָבֶער אִיטְלִי-כֶעס גֶעפֶּעס פוּן הָאלְץ זָאל מִיט וַוא-סֶער גֶעשְׁוֶוענְקְט וֶוערֶען:

13 אוּנְד וֶוען דֶער פְּלִיסִיגֶער וֶועט זַיין רֵיין פוּן זַיינֶע פְּלִיסוּנְג, אַזוֹי זָאל עֶר צֵיילֶען צוּ זִיךְ זִיבֶּען טֶעג צוּ זַיינֶע רֵיינִיגוּנְג, אוּנְד עֶר זָאל וַואשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר זָאל וַואשֶׁען זַיין פְלֵיישׁ אִין קְוֶועלֶענְדִיגֶע וַואסֶערֶען אוּנְד עֶר זָאל רֵיין זַיין:

14 אוּנְד אָן דֶעם אַכְטֶען טָאג זָאל עֶר נֶעמֶען צוּ זִיךְ צְווַייא טִירְטֶעל טוֹיבֶּען, אָדֶער צְווַייא יוּנְגֶע טוֹיבֶּען, אוּנְד עֶר זָאל קוּמֶען פַאר גָאט צוּ דִיא טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד עֶר זָאל זַייא גֶעבֶּען צוּ דֶעם כֹּהֵן:

15 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זַייא מַאכֶען דָאס אֵיינֶע צוּ אֵיין זִינְד אָפְּפֶער אוּנְד דָאס אַנְדֶערֶע צוּ אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מְכַפֵּר זַיין אִיף אִיהְם פַאר גָאט, פוּן וֶועגֶען זַיינֶע פְּלִיסוּנְג:

16 אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט פוּן אַ מַאן אַרוֹיסְגֵיין שִׁכְבַת זֶרַע, אַזוֹי זָאל עֶר וַואשֶׁען זַיין גַאנְצֶעם פְלֵיישׁ, אוּנְד עֶר זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד:

17 אוּנְד אִיטְלִיכֶעס קְלֵייד אוּנְד אִיט-לִיכֶעס פֶעל וָואס דֶער שִׁכְבַת זֶרַע וֶועט זַיין דְרוֹיף, אַזוֹי זָאל עֶס גֶעוַואשֶׁען וֶוערֶען אִין וַואסֶער, אוּנְד עֶס זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד:

18 אוּנְד אֵיין וַוייבּ וָואס אֵיין מַאן וֶועט לִיגֶען בַּייא אִיהְר מִיט דֶעם לִיגֶען פוּן זָאמֶען, אַזוֹי זָאלֶען זַייא זִיךְ וַואשֶׁען אִים וַואסֶער אוּנְד זָאלֶען אוּמְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד:

19 אוּנְד אֵיין וַוייבּ וֶוען זִיא וֶועט פְּלִי-

*) דיא האלב פון ספר ויקרא

סִיג זַיין אוּנְד בְּלוּט װֶעט זַיין אִין אִיהְרֶע פְּלִיסוּנְג אִין אִיהְר פְלֵייש, זִיא זָאל זַיין זִיבֶּען טֶעג אִין אִיהְרֶע אָבְזוּנְדֶערוּנְג, אוּנְד אִיטְלִיכֶער װָאס אָנְרִירְט אָן אִיהְר זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד :

20 אוּנְד אַלֶעס װָאס זִיא װֶעט לִיגֶען דְרוֹיף אִין אִיהְרֶע אָבְזוּנְדֶערוּנְג זָאל אוּמְרֵיין זַיין, אוּנְד אַלֶעס װָאס זִיא װֶעט זִיצֶען דְרוֹיף זָאל אוּמְרֵיין זַיין :

21 אוּנְד אִיטְלִיכֶער װָאס אָנְרִירְט אָן אִיהְר גֶעלֶעגֶער זָאל װַאשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זָאל זִיךְ װַאשֶׁען אִים װַאסֶער אוּנְד זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד :

22 אוּנְד אִיטְלִיכֶער װָאס אָנְרִירְט אָן אַלֶערְלֵייא גֶעפֶּעס װָאס זִיא װֶעט זִיצֶען דְרוֹיף זָאל װַאשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער אוּנְד זָאל זִיךְ װַאשֶׁען מִיט װַאסֶער אוּנְד זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד :

23 אוּנְד װֶען עֶר אִיז אוֹיף אִיהְר גֶעלֶעגֶער, אָדֶער אוֹיף דֶעם גֶעפֶּעס װָאס זִיא זִיצְט דְרוֹיף אַז עֶר הָאט דְרִין אָנְגֶערִירְט, זָאל עֶר אוּמְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד :

24 אוּנְד װֶען אֵיין מַאן װֶעט לִיגֶען בַּייא אִיהְר, אוּנְד אִיהְרֶע אָבְזוּנְדֶערוּנְג װֶעט זַיין אוֹיף אִיהְם, אַזוֹי זָאל עֶר אוּמְרֵיין זַיין זִיבֶּען טֶעג, אוּנְד אִיטְלִיכֶער גֶעלֶעגֶער װָאס עֶר װֶעט לִיגֶען דְרוֹיף זָאל אוּמְרֵיין זַיין :

25 אוּנְד אֵיין װַייב װֶען אִיהְר בְּלוּט װֶעט פְלִיסֶען פִילֶע טֶעג נִיט אִין דֶער צֵייט פוּן אִיהְרֶע אָבְזוּנְדֶערוּנְג, אָדֶער װֶען עֶס װֶעט פְלִיסֶען נָאךְ אִיהְרֶע אָבְזוּנְדֶערוּנְג, אַלֶע טֶעג פוּן דִיא פְלִיסוּנְג פוּן אִיהְרֶע אוּמְרֵיינִיגְקֵייט זָאל זִיא זַיין גְלֵייךְ אַז װִיא דִיא טֶעג פוּן אִיהְרֶע אָבְזוּנְדֶערוּנְג, זִיא אִיז אוּמְרֵיין :

26 אִיטְלִיכֶעס גֶעלֶעגֶער װָאס זִיא לִיגְט דְרוֹיף אַלֶע טֶעג פוּן אִיהְרֶע פְלִיסוּנְג זָאל זַיין צוּ אִיהְר גְלֵייךְ אַזוֹי װִיא דָאס גֶעלֶעגֶער פוּן אִיהְרֶע אָבְזוּנְדֶערוּנְג, אוּנְד אַלֶערְלֵייא גֶעפֶּעס װָאס זִיא זִיצְט דְרוֹיף זָאל אוּמְרֵיין זַיין גְלֵייךְ אַזוֹי װִיא דִיא אוּמְרֵיינִיגְקֵייט פוּן אִיהְר אָבְזוּנְדֶערוּנְג :

27 אוּנְד אִיטְלִיכֶער װָאס אָנְרִירְט דְרִין זָאל אוּמְרֵיין זַיין, אוּנְד עֶר זָאל װַאשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער אוּנְד עֶר זָאל זִיךְ װַאשֶׁען מִיט װַאסֶער, אוּנְד עֶר זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד :

28 אוּנְד װֶען זִיא אִיז רֵיין פוּן אִיהְרֶע פְלִיסוּנְג אַזוֹי זָאל זִיא צֵיילֶען צוּ זִיךְ זִיבֶּען טֶעג אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאל זִיא רֵיין זַיין :

29 אוּנְד אִין דֶעם אַכְטֶען טָאג זָאל זִיא נֶעמֶען צוּ זִיךְ צְװֵיי טִירְטֶעל טוֹיבֶּען אָדֶער צְװֵיי יוּנְגֶע טוֹיבֶּען אוּנְד זִיא זָאל זֵייא בְּרֶענְגֶען צוּם כֹּהֵן, צוּ דִיא טִיהְר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג :

30 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מַאכֶען דִיא אֵיינֶע פַאר אֵיין זִינְד אָפְּפֶער, אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע פַאר אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מְכַפֵּר זַיין אוֹיף אִיהְר פַאר גָאט, װֶעגֶען דִיא פְלִיסוּנְג פוּן אִיהְרֶע אוּמְרֵיינִיגְקֵייט :

31 אוּנְד אִיהְר זָאלְט מַאכֶען אָבְשֵׁיידֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן זֵייעֶרֶע אוּמְרֵיינִיגְקֵייט, אַז זֵייא זָאלֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען אִין אוּמְרֵיינִיגְקֵייט, װֶען זֵייא װֶעלֶען פַאראוּמְרֵיינִיגֶען מֵיין מִשְׁכָּן װָאס אִיז צְװִישֶׁען זֵייא :

32 דָאס דָאזִיגֶע אִיז דִיא לֶערְנוּנְג פוּן

דעם פְּלִיסִינֶען, אוּנְד וָואס עֶס וֶועט אַרויסְגֵיין פוּן אִיהְם דָאס שִׁכְבַת זֶרַע זִיךְ צוּ פֶערְאוּמְרֵיינִיגֶען דֶערְמִיט:
33 אוּנְד דִיא וָואס אִיז קְרַאנְק אִין אִיהְרֶע אָבּזוּנְדֶערוּנְג, אוּנְד דֶער וָואס פְּלִיסְט אֵיינֶע פְּלִיסוּנְג, פוּן אַ זָכָר אָדֶער פוּן אַ נְקֵבָה, אוּנְד פוּן דֶעם מַאן וָואס וֶועט לִיגֶען בֵּייא דֶער אוּמְרֵיינֶע:

קאפיטעל טז

אחרי מות

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה נָאךְ דֶעם טוֹיט פוּן דִיא צְוֵוייא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן, וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶע־נֶעהְנט צוּ פַאר גָאט אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען:
2 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, רֶעד צוּ אַהֲרֹן דֵיין בְּרוּדֶער אַז עֶר זָאל נִיט קוּמֶען אַלֶע צֵייט אִין דֶער הֵילִיגְ־קֵייט אִינְוֶוייניג פוּן דֶעם פָארְהַאנְג פַאר דֶעם אִיבֶּערְדֶעקֶעל (כפרת) וָואס אִיז אוֹיף דֶעם קַאסְטֶען, אַז עֶר זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען, דֶען אִיךְ וֶועל מִיךְ בֶּעוֵוייזֶען אִין דֶעם וָואלְקֶען אוֹיף דֶעם כַּפֹּרֶת:
3 מִיט דִיזֶעם זָאל אַהֲרֹן קוּמֶען אִין דִיא הֵיילִיגְקֵייט אַרֵיין, מִיט אֵיין יוּנְגֶען שְׁטִיעֶר צוּ אֵיין זִינְדְאָפְּפֶער, אוּנְד אֵיין ווִידֶער צוּ אֵיין בְּרַאנְדְאָפְּפֶער:
4 עֶר זָאל אָנְקְלֵיידֶען דָאס הֵיילִיגֶע לֵיינֶענֶע הֶעמְד, אוּנְד דִיא הֵיילִיגֶע הוֹיזֶען זָאלֶען זֵיין אוֹיף זֵיין לֵייבּ, אוּנְד מִיט דֶעם לֵיינֶענֶען גַארְטֶעל זָאל עֶר זִיךְ גַארְטְלֶען, אוּנְד דִיא לֵיינֶענֶע הוֹיבּ זָאל עֶר אוֹיפְזֶעצֶען, זֵייא זֶענֶען דִיא הֵיילִיגֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר זָאל וַואשֶׁען מִיט וַואסֶער זֵיין לֵייבּ, אוּנְד עֶר זָאל זֵייא אָנְקְלֵיידֶען:
5 אוּנְד פוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאל עֶר נֶעמֶען צְוֵוייא צִיגֶען־בֶּעקְלֶעךְ פִיר אֵיין זִינְדְאָפְּפֶער אוּנְד אֵיין ווִידֶער פִיר אֵיין בְּרַאנְדְאָפְּ־פֶער:
6 אוּנְד אַהֲרֹן זָאל גֶענֶעהְנֶען דֶעם שְׁטִיעֶר פוּן דֶעם זִינְדְאָפְּפֶער, וָואס אִיז פַאר אִיהְם, אוּנְד עֶר זָאל מְכַפֵּר זֵיין פוּן וֶועגֶען זִיךְ אוּנְד פוּן וֶועגֶען זֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד:
7 אוּנְד עֶר זָאל נֶעמֶען דִיא צְוֵוייא בֶּעקְלֶעךְ, אוּנְד עֶר זָאל זֵייא שְׁטֶעלֶען צוּ פַאר גָאט בֵּייא דִיא טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג:
8 אוּנְד אַהֲרֹן זָאל גוֹרָל ווארְפֶען אִיבֶּער דִיא צְוֵויי בֶּעקְלֶעךְ, אֵיין גוֹרָל צוּ גָאט, אוּנְד דָאס אַנְדֶערֶע גוֹרָל צוּ עֲזָאזֵל:
9 אוּנְד אַהֲרֹן זָאל גֶענֶעהְנֶען דָאס בֶּעקֶעל וָואס דֶער גוֹרָל אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף אִיהְם צוּ גָאט, אוּנְד עֶר זָאל עֶס מַאכֶען אֵיין זִינְדְאָפְּפֶער:
10 אוּנְד דָאס בֶּעקֶעל וָואס דֶער גוֹרָל אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף אִיהְם צוּ עֲזָאזֵל, זָאל גֶעשְׁטֶעלְט וֶוערֶען לֶעבֶּעדִיג פַאר גָאט מְכַפֵּר צוּ זֵיין מִיט אִיהְם, אִיהְם אַוֶועק צוּ שִׁיקֶען צוּ עֲזָאזֵל, אִין דֶער מִדְבָּר אַרֵיין:
11 אוּנְד אַהֲרֹן זָאל גֶענֶעהְנֶען דֶעם שְׁטִיעֶר פוּן דֶעם זִינְדְאָפְּפֶער וָואס אִיז צוּ אִיהְם, אוּנְד זָאל מְכַפֵּר זֵיין פוּן זֵיינֶעטְוֶועגֶען אוּנְד פוּן וֶועגֶען זֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד, אוּנְד עֶר זָאל שֶׁעכְטֶען דֶעם שְׁטִיעֶר פוּן דֶעם זִינְדְאָפְּפֶער וָואס אִיז צוּ אִיהְם:
12 אוּנְד עֶר זָאל נֶעמֶען דִיא פַּפַאן פוּל פוּן בְּרֶענֶענְדֶע קוֹילֶען, פוּן דֶעם אָפְּפֶערְשְׁטוּהְל (מִזְבֵּחַ), פוּן פַאר גָאט, אוּנְד זֵיינֶע הֶענְד פוּל פוּן וֵוייהרוֹיךְ פוּן

וָואויל שְׁמֶעקֶענְדֶע גֶעווירְץ, דִין גֶע־שְׁטויסֶען :

13 אוּנְד עֶר זָאל עֶס בְּרֶענְגֶען אִינְוֶוייניג פוּן דֶעם פָּארְהַאנְג אוּנְד עֶר זָאל לֵייגֶען דָאס רויךְ־וֶוערְק אויף דֶעם פַייעֶר פַאר גָאט, אוּנְד דֶער וָואלְקֶען פוּן רויךְ־וֶוערְק זָאל בֶּעדֶעקֶען דָאס כַּפֹּרֶת וָואס אִיז אויף דֶעם צֵייגְנִיס (גֶעזֶעץ), אַז עֶר זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען :

14 אוּנְד עֶר זָאל נֶעמֶען פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם שְׁטִיעֶר, אוּנְד עֶר זָאל שְׁפְּרֶענְגֶען מִיט זַיין פִינְגֶער אויף דֶעם כַּפֹּרֶת אִין מִזְרַח זַייט אוּנְד פַאר דֶעם כַּפֹּרֶת זָאל עֶר שְׁפְּרֶענְגֶען זִיבֶּען מָאל פוּן דֶעם בְּלוּט מִיט זַיין פִינְגֶער :

15 אוּנְד עֶר זָאל שֶׁעכְטֶען דָאס בֶּעקֶעל פוּן דֶעם זִינְדאָפְּפֶער וָואס אִיז פַאר דֶעם פָאלְק, אוּנְד עֶר זָאל בְּרֶענְגֶען זַיין בְּלוּט אִינְוֶוייניג פוּן דֶעם פָּארְהַאנְג, אוּנְד עֶר זָאל מַאכֶען מִיט זַיין בְּלוּט אַזוי וִויא עֶר הָאט גֶעמַאכְט מִיט דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם שְׁטִיעֶר, אוּנְד עֶר זָאל עֶס שְׁפְּרֶענְגֶען אויף דֶעם כַּפֹּרֶת אוּנְד פַאר דֶעם כַּפֹּרֶת :

16 אוּנְד עֶר זָאל מְכַפֵּר זַיין אויף דִיא הֵיילִיגְקֵייט, פוּן וֶועגֶען דִיא אוּמְרֵיינִיגְקֵייטֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד פוּן וֶועגֶען זַייעֶרֶע אִיבֶּערְטְרֶעטוּנְגֶען, צוּ אַלֶע זַייעֶרֶע זִינְד, אוּנְד אַזוי זָאל עֶר מַאכֶען צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, וָואס רוּהט מִיט זַייא צְווִישֶׁען זַייעֶרֶע אוּמְרֵיינִיגְקֵייטֶען :

17 אוּנְד קֵיין מֶענְשׁ זָאל נִיט זַיין אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען מְכַפֵּר צוּ זַיין אִין דִיא הֵיילִיגְקֵייט, בִּיז עֶר וֶועט אַרוֹיס גֵיין, אוּנְד עֶר זָאל מְכַפֵּר זַיין פוּן זַיינֶעטְוֶועגֶען אוּנְד פוּן וֶועגֶען זַיין הוֹיזְגֶעזִינְד, אוּנְד פַאר דִיא גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן יִשְׂרָאֵל :

18 אוּנְד עֶר זָאל אַרוֹיסגֵיין צוּ דֶעם מִזְבֵּחַ וָואס אִיז פַאר גָאט, אוּנְד עֶר זָאל מְכַפֵּר זַיין וֶועגֶען אִיהְם, אוּנְד עֶר זָאל נֶעמֶען פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם שְׁטִיעֶר, אוּנְד פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם בֶּעקֶעל, אוּנְד עֶר זָאל עֶס טְהוּן אויף דִיא הֶערְנֶער פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ רִינְגְס אַרוּם :

19 אוּנְד עֶר זָאל שְׁפְּרֶענְגֶען אויף אִיהְם פוּן דֶעם בְּלוּט מִיט זַיין פִינְגֶער זִיבֶּען מָאל, אוּנְד עֶר זָאל אִיהְם רֵיינִיגֶען, אוּנְד עֶר זָאל אִיהְם הֵיילִיגֶען, פוּן וֶועגֶען דִיא אוּמְרֵיינִיגְקֵייטֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל :

20 אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט אוֹיפְהֶערֶען מְכַפֵּר צוּ זַיין וֶועגֶען דִיא הֵיילִיגְקֵייט אוּנְד דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג אוּנְד דֶעם מִזְבֵּחַ, אַזוי זָאל עֶר גֶענֶעהֶען דָאס לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעקֶעל :

21 אוּנְד אַהֲרֹן זָאל לֵייגֶען זַיינֶע צְווייא הֶענְד אויף דֶעם קָאפְּף פוּן דֶעם לֶע־בֶּעדִיגֶען בֶּעקֶעל, אוּנְד עֶר זָאל מִתְוַדֶּה זַיין אִיבֶּער אִיהְם אַלֶע דִיא מִיסְטְהַאטֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד אַלֶע זַייעֶרֶע אִיבֶּערְטְרֶעטוּנְגֶען פוּן אַלֶע זַייעֶרֶע זִינְד, אוּנְד עֶר זָאל זַייא טְהוּן אויף דֶעם קָאפְּף פוּן דֶעם בֶּעקֶעל, אוּנְד עֶר זָאל עֶס אַוֶועק שִׁיקֶען דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן אֵיין פָארְבֶּערֵייטֶעטֶען מַאן, אִין דֶער מִדְבָּר אַרֵיין :

22 אוּנְד דָאס בֶּעקֶעל זָאל טְרָאגֶען אויף זִיךְ אַלֶע זַייעֶרֶע מִיסְטְהַאטֶען אִין אֵיינֶעם וִויסְטֶען לַאנְד, אוּנְד עֶר זָאל אַוֶועק שִׁיקֶען דָאס בֶּעקֶעל אִין דֶער

מִדבָּר׃

23 אוּנְד אַהֲרֹן זָאל קוּמֶען צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג אוּנְד עֶר זָאל אוֹיסצִיהֶען דִיא לֵיינֶענֶע קְלֵיידֶער וָואס עֶר הָאט אָנגֶעקְלֵיידֶעט וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין דִיא הֵיילִיגְקֵייט אוּנְד זָאל זֵייא לָאזֶען דָארְטֶען׃

24 אוּנְד עֶר זָאל וַואשֶׁען זֵיין לֵייב מִיט וַואסֶער אִין דֶעם הֵיילִיגֶען, אוּנְד עֶר זָאל אָנְקְלֵיידֶען זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר זָאל אַרוֹיסְגֵיין, אוּנְד עֶר זָאל מַאכֶען זֵיינֶע בְּרַאנְדאָפְּפֶער, אוּנְד דָאס בְּרַאנְד אָפְּפֶער פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד עֶר זָאל מְכַפֵּר זֵיין פוּן זֵיינֶעטְוֶועגֶען אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֶעם פָאלְק׃

25 אוּנְד דָאס פֶעט פוּן דֶעם זִינְד־אָפְּפֶער זָאל עֶר דֶעמְפְּפֶען אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ׃

26 אוּנְד דֶער וָואס הָאט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט דָאס בֶּעקֶעל צוּ עֲזָאזֵל זָאל וַואשֶׁען זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר זָאל וַואשֶׁען זֵיין לֵייב מִיט וַואסֶער, אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאל עֶר קוּמֶען אִין דֶעם לַאגֶער אַרֵיין

27 אוּנְד דֶעם שְׁטִיעֶר פוּן דֶעם זִינְד־אָפְּפֶער, אוּנְד דָאס בֶּעקֶעל פוּן דֶעם זִינְדאָפְּפֶער, וָואס זֵייעֶר בְּלוּט אִיז גֶע־בְּרַאכְט גֶעוָוארֶען מְכַפֵּר צוּ זֵיין אִין דִיא הֵיילִיגְקֵייט, זָאל עֶר אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען אוֹיסְוֵוייניג פוּן דֶעם לַאגֶער, אוּנְד זֵייא זָאלֶען עֶס פֶערבְּרֶענֶען מִיט פֵייעֶר, זֵייעֶר פֶעל אוּנְד זֵייעֶר פְלֵיישׁ אוּנְד זֵייעֶר מִיסְט׃

28 אוּנְד דֶער וָואס פֶערבְּרֶענְט זֵייא זָאל וַואשֶׁען זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זָאל וַואשֶׁען זֵיין לֵייב מִיט וַואסֶער, אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאל עֶר קוּמֶען אִין דֶעם לַאגֶער אַרֵיין׃

29 אוּנְד עֶס זָאל זֵיין צוּ אֵייךְ צוּ אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ אִין דֶעם זִיבְּטֶען חֹדֶשׁ, אִין דֶעם צֶעהֶנְטֶען צוּ דֶעם חֹדֶשׁ זָאלְט אִיהְר פֵּינִיגֶען אֵיירֶע זֶעעלֶען, אוּנְד קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן, דֶער אֵיינגֶעבּוֹירֶענֶער אוּנְד דֶער פְרֶעמְדֶער וָואס וְואוֹינְט צְווִישֶׁען אֵייךְ׃

30 וֵוייל אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג וֶועט עֶר מְכַפֵּר זֵיין אוֹיף אֵייךְ, אֵייךְ צוּ רֵיינִיגֶען אַז אִיהְר זָאלְט רֵיין זֵיין פוּן אַלֶע אֵיירֶע זִינְד פַאר גָאט׃

31 דָאס אִיז אֵיין שַׁבָּת פוּן רוּהוּנְג צוּ אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט פֵּינִיגֶען אֵיירֶע זֶעעלֶען, עֶס אִיז אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶע־זֶעץ׃—

32 אוּנְד עֶר דֶער כֹּהֵן וָואס מֶען הָאט אִיהְם גֶעזַאלְבְּט, זָאל מְכַפֵּר זֵיין, אוּנְד וָואס מֶען הָאט דֶערפִילְט זֵיינֶע הַאנְד צוּ זֵיין אֵיין כֹּהֵן אָנְשְׁטָאט זֵיין פָאטֶער, אוּנְד עֶר זָאל אָנקְלֵיידֶען דִיא לֵיינֶענֶע קְלֵיידֶער, דִיא הֵיילִיגֶע קְלֵיידֶער׃

33 אוּנְד עֶר זָאל מְכַפֵּר זֵיין פַאר דֶעם הֵיילִיגֶען הֵיילִיגְטְהוּם (מִקְדַּשׁ הַקֹּדֶשׁ) אוּנְד פַאר דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶער־זַאמְלוּנְג, אוּנְד דֶעם מִזְבֵּחַ זָאל עֶר מְכַפֵּר זֵיין, אוּנְד אוֹיף דִיא כֹּהֲנִים, אוּנְד פַאר דִיא גַאנְצֶע פֶערזַאמְלוּנְג פוּן דֶעם פָאלְק זָאל עֶר מְכַפֵּר זֵיין׃

34 אוּנְד דִיזֶעס זָאל זֵיין צוּ אֵייךְ צוּ אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ מְכַפֵּר צוּ זֵיין פַאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וֶועגֶען אַלֶע זֵיירֶע זִינְד אֵיין מָאל אִים יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן גְלֵייךְ וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ מֹשֶׁה׃

קאפּיטעל יז.

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

2 רֶעד צוּ אַהֲרֹן אוּנְד צוּ זַיינֶע זִיהְן
אוּנְד צוּ אַלֶע קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט צוּ זַייא זָאגֶען, דָאס דָאזִיגֶע
אִיז דָאס וָוארְט וָואס דֶער הַאר גָאט
הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ זָאגֶען:
3 וֶוען יֶעדֶער מַאן פוּן דָאס הויז
יִשְׂרָאֵל וָואס וֶועט שֶׁעכְטֶען אַיין אָקְס
אָדֶער אַיין לַאם, אָדֶער אַיין צִיג, אִין
דֶעם לַאגֶער, אָדֶער וָואס וֶועט שֶׁעכְטֶען
אויסוַויינִיג פוּן דֶעם לַאגֶער:
4 אוּנְד עֶר וֶועט עֶס נִיט בְּרֶענְגֶען צוּ
דִיא טִיהְר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶער־
זַאמְלוּנְג, צוּ גֶעגֶעהְגֶען אַיין אָפְּפֶער צוּ
גָאט, צוּ פַאר דֶעם מִשְׁכָּן פוּן גָאט, אַזוי
זָאל בְּלוּט שׁוּלְד גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען צוּ
דֶעם זֶעלְבִּיגֶען מַאן, עֶר הָאט בְּלוּט
פֶערגָאסֶען, אוּנְד דֶער זֶעלְבִּיגֶער מַאן
זָאל פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן זַיין פָאלְק:
5 וַוייל דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלֶען
בְּרֶענְגֶען זַיירֶע אָפְּפֶער וָואס זַייא אָפְּ־
פֶערֶען אויף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד זַייא זָא־
לֶען זַייא בְּרֶענְגֶען צוּ גָאט, צוּ דִיא
טִיהְר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶער־
זַאמְלוּנְג, צוּ דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד זַייא זָאלֶען
זַייא אָפְּפֶערֶען אַלְס פְרִידאָפְּפֶער צוּ גָאט:
6 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל שְׁפְּרֶענְגֶען דָאס
בְּלוּט אויף דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּל פוּן גָאט,
בֵּייא דִיא טִיהְר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן
דִיא פֶערזַאמְלוּנְג, אוּנְד עֶר זָאל רֶעמְפְּ־
פֶען דָאס אִינשְׁלִיט צוּ אַיינֶעם לִיבְּלִי־
כֶען גֶעשְׁמַאק צוּ גָאט:
7 אוּנְד זַייא זָאלֶען נִיט מֶער אָפְּפֶע־
רֶען זַיירֶע אָפְּפֶער צוּ דִיא שֵׁדִים וָואס
זַייא הָאבֶען זִיךְ נָאכְגֶעהוּרְט נָאךְ זַייא,
דָאס דָאזִיגֶע זָאל זַיין אַיין אֵייבִּיגֶעם
גֶעזֶעץ צוּ זַייא צוּ זַיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער:
8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זַייא זָאגֶען,
אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן דֶעם הויז יִשְׂרָאֵל,
אָדֶער פוּן דֶעם פְרֶעמְדלִינְג וָואס וְואוֹינְט
צְוִוישֶׁען זַייא, וָואס וֶועט אָפְּפֶערֶען אַיין
בְּרַאנְדאָפְּפֶער אָדֶער אַיין שֶׁעכְט־
אָפְּפֶער:
9 אוּנְד וֶועט עֶס נִיט בְּרֶענְגֶען צוּ דִיא
טִיהְר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶער־
זַאמְלוּנְג, צוּ מַאכֶען אִיהְם צוּ גָאט, זָאל
יֶענֶער מַאן פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן זַיין
פָאלְק:
10 אוּנְד אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן דֶעם הויז
יִשְׂרָאֵל אוּנְד פוּן דֶעם פְרֶעמְדלִינְג (גֵר)
וָואס וְואוֹינְט צְוִוישֶׁען זַייא, וָואס וֶועט
עֶסֶען אַלֶערְלֵייא בְּלוּט, אַזוי וֶועל אִיךְ
טְהוּן מַיין אָנְגֶעזִיכְט גֶעגֶען דֶער זֶעלֶע
וָואס עֶסְט בְּלוּט, אוּנְד אִיךְ וֶועל זִיא
פֶערשְׁנֵיידֶען פוּן אִיהְר פָאלְק:
11 וַוייל דִיא זֶעלֶע פוּן דֶעם פְלֵייש
אִיז אִין דֶעם בְּלוּט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס
גֶעגֶעבֶּען צוּ אַייךְ אויף דֶעם אָפְּפֶער־
שְׁטוּל מְכַפֵּר צוּ זַיין אויף אַיירֶע זֶעעֶ־
לֶען, וַוייל עֶס אִיז דָאס בְּלוּט וָואס
אִיז מְכַפֵּר פַאר דִיא זֶעלֶע:
12 דָארוּם הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט צוּ דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, קֵיין זֶעלֶע פוּן אַייךְ
זָאל עֶסֶען בְּלוּט, אוּנְד דֶער גֵר וָואס
וְואוֹינְט צְוִוישֶׁען אַייךְ זָאל נִיט עֶסֶען
בְּלוּט:
13 אוּנְד אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן דִיא קִינְ־
דֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד פוּן דֶעם גֵר וָואס
וְואוֹינְט צְוִוישֶׁען אַייךְ וָואס וֶועט פַאנְגֶען
אַ גֶעפַאנְג פוּן אַ חַיָה אָדֶער אַ פוֹיגֶעל
וָואס מֶעג גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען וֶוען עֶר
פֶערגִיסְט זַיין בְּלוּט זָאל עֶר עֶס צוּדֶעקֶען
מִיט עֶרְד:
14 וַוייל דִיא זֶעלֶע פוּן אִיטְלִיכֶעם
פְלֵייש אִיז זַיין בְּלוּט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ

גֶעזָאגְט צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל דָאס
בְּלוּט פוּן אִיטְלִיכֶעם פְלֵייש זָאלְט אִיהְר
נִיט עֶסֶען, וֶוייל דִיא זֶעעֶל פוּן אִיטְלִי־
כֶעם פְלֵייש אִיז זַיין בְּלוּט, אִיטְלִיכֶער
וָואס עֶסְט עֶס זָאל פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען:
15 אוּנְד אִיטְלִיכֶעס זֶעעֶלֶע וָואס וֶועט
עֶסֶען אַיין נְבֵלָה אָדֶער פֶערצוּקְטֶעס,
אוּנְטֶער דֶעם אֵיינגֶבָּארֶענֶען, אָדֶער
אוּנְטֶער דֶעם גֵר, אַזוֹי זָאל עֶר וַואשֶׁען
זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זָאל זִיךְ וַואשֶׁען
מִיט וַואסֶער, אוּנְד עֶר זָאל אוּמְרֵיין זַיין
בִּיז דֶעם אָבֶענְד, אוּנְד עֶר זָאל רֵיין זַיין:
16 אָבֶער וֶוען עֶר וֶועט נִיט וַואשֶׁען
(זַיינֶע קְלֵיידֶער) אוּנְד וֶועט זִיךְ נִיט
וַואשֶׁען זָאל עֶר טְרָאגֶען זַיין זִינְד:

## קאפיטעל יח.

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 רֵייד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד
דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ זֵייא אִיךְ בִּין
זֵייעֶר הַאר גָאט:
3 גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס טְהוּן פוּן דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם, וָואס אִיהְר הָאט גֶעוְואוֹינְט
דְרִינֶען זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן, אוּנְד
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס טְהוּן פוּן דֶעם
לַאנְד כְּנַעַן, וָואס אִיךְ בְּרֶענְג אֵייךְ
אַהִין, זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן, אוּנְד נָאךְ
זֵייעֶרֶע גֶעזֶעצֶען זָאלְט אִיהְר נִיט נָאכְ־
גֵיין:
4 מֵיינֶע גֶערִיכְטֶען זָאלְט אִיהְר טְהוּן,
אוּנְד מֵיינֶע גֶעזֶעצֶען זָאלְט אִיהְר הִיטֶען
אִין זֵייא צוּ גֵיין, אִיךְ בִּין גָאט אֵייעֶר
גָאט:
5 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען מֵיינֶע גֶע־
זֶעצֶען אוּנְד מֵיינֶע גֶערִיכְטֶען, וָואס
וֶוען דֶער מֶענְשׁ טְהוּט זָאל עֶר בֵּייא
זֵייא לֶעבֶּען, אִיךְ בִּין גָאט:
6 קֵיין מַאן זָאל זִיךְ נִיט גֶענֶעהֶנֶען
צוּ זַיין נָאהֶנְטֶען פְרֵיינְד אוֹיפְצוּדֶעקֶען
אֵיינֶע שַׁאנְד, אִיךְ בִּין גָאט:
7 דִיא שַׁאנְד פוּן דַיין פָאטֶער, אוּנְד
דִיא שַׁאנְד פוּן דַיין מוּטֶער זָאלְסְט דוּא
נִיט אוֹיפְדֶעקֶען, זִיא אִיז דַיין מוּטֶער,
דוּא זָאלְסְט נִיט אוֹיפְדֶעקֶען אִיהְרֶע
שַׁאנְד:
8 דִיא שַׁאנְד פוּן דַיין פָאטֶערס וַוייבּ
זָאלְסְט דוּא נִיט אוֹיפְדֶעקֶען, עֶס אִיז
דִיא שַׁאנְד פוּן דַיין פָאטֶער:
9 דִיא שַׁאנְד פוּן דַיין שְׁוֶועסְטֶער דִיא
טָאכְטֶער פוּן דַיין פָאטֶער אָדֶער דִיא
טָאכְטֶער פוּן דַיין מוּטֶער, גֶעבּוֹירֶען
אִין דֶעם הויז אָדֶער גֶעבּוֹירֶען אוֹיסְוֶוייניג,
דוּא זָאלְסְט נִיט אוֹיפְדֶעקֶען זֵייעֶר שַׁאנְד:
10 דִיא שַׁאנְד פוּן דִיא טָאכְטֶער פוּן
דַיין זוּהְן, אָדֶער דִיא טָאכְטֶער פוּן דַיין
טָאכְטֶער, דוּא זָאלְסְט נִיט אוֹיפְדֶעקֶען
זֵייעֶר שַׁאנְד דֶען עֶס אִיז דַיין שַׁאנְד:
11 דִיא שַׁאנְד פוּן דִיא טָאכְטֶער פוּן
דַיין פָאטֶערְס וַוייבּ גֶעבּוֹירֶען פוּן דַיין
פָאטֶער, זִיא אִיז דַיין שְׁוֶועסְטֶער, דוּא
זָאלְסְט נִיט אוֹיפְדֶעקֶען אִיהְרֶע שַׁאנְד:
12 דִיא שַׁאנְד פוּן דַיין פָאטֶערְס
שְׁוֶועסְטֶער זָאלְסְט דוּא נִיט אוֹיפְדֶעקֶען,
זִיא אִיז דִיא פְרֵיינְד פוּן דַיין פָאטֶער:
13 דִיא שַׁאנְד פוּן דִיא שְׁוֶועסְטֶער פוּן
דַיין מוּטֶער זָאלְסְט דוּא נִיט אוֹיפְדֶעקֶען,
זִיא אִיז דִיא פְרֵיינְד פוּן דַיין מוּטֶער:
14 דִיא שַׁאנְד פוּן דֶעם בְּרוּדֶער פוּן
דַיין פָאטֶער זָאלְסְט דוּא נִיט אוֹיפְדֶעקֶען,
דוּא זָאלְסְט נִיט גֶענֶעהֶנֶען צוּ זַיין וַוייבּ,
זִיא אִיז דַיין מוּמֶע:
15 דִיא שַׁאנְד פוּן דַיין שְׁנוּר זָאלְסְט דוּא
נִיט אוֹיפְדֶעקֶען, זִיא אִיז דָאס וַוייבּ פוּן
דַיין זוּהְן, דוּא זָאלְסְט נִיט אוֹיפְדֶעקֶען

איהרע

אִיהְרֶע שַׁאנְד׃

16 דִיא שַׁאנְד פוּן דֶעם ווייבּ פוּן דֵיין בְּרוּדֶער זָאלְסְט דוּא נִיט אוֹיפְדֶעקֶען, עֶס אִיז דִיא שַׁאנְד פוּן דֵיין בְּרוּדֶער׃

17 דִיא שַׁאנְד פוּן אֵיין ווייבּ אוּנְד אִיהְרֶע טֶעכְטֶער זָאלְסְט דוּא נִיט אוֹיפְדֶעקֶען, דִיא טָאכְטֶער פוּן אִיהְר זוּהְן אוּנְד דִיא טָאכְטֶער פוּן אִיהְרֶע טָאכְטֶער זָאלְסְט דוּא נִיט גֶעמֶען אוֹיפְצוּדֶעקֶען אִיהְרֶע שַׁאנְד, זֵייא זֶענֶען פְרֵיינְד, עֶס אִיז אֵיין בֵּייזְהֵייט׃

18 אוּנְד אֵיין ווייבּ זָאלְסְט דוּא נִיט נֶעמֶען מִיט אִיהְרֶע שְׁוֶועסְטֶער צוּ פְּלָאגֶען אוֹיפְצוּדֶעקֶען אִיהְרֶע שַׁאנְד מִיט אִיהְר ווייל זִיא לֶעבְּט׃

19 אוּנְד צוּ אֵיין ווייבּ אִין דֶעם אָבְּזוּנְדֶערוּנְג אִין אִיהְרֶע אוּמְרֵיינִיגְקֵייט זָאלְסְט דוּא נִיט גֶענֶעהֶען אוֹיפְצוּדֶעקֶען אִיהְרֶע שַׁאנְד׃

20 אוּנְד צוּ אֵיין ווייבּ פוּן דֵיין גֶעזֶעלֶען זָאלְסְט דוּא נִיט גֶעבֶּען דָאס לִיגֶען פוּן זֶרַע דִיךְ צוּ פַאראוּמְרֵיינִיגֶען מִיט אִיהְר׃

21 אוּנְד פוּן דֵיין זָאמֶען זָאלְסְט דוּא נִיט גֶעבֶּען מַאכֶען אִיבֶּערצוּפָארֶען צוּם מוֹלֶךְ אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט פַארשְׁוֶועכֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֵיין גָאט, אִיךְ בִּין גָאט׃

22 אוּנְד מִיט אֵיין זָכָר זָאלְסְט דוּא נִיט לִיגֶען דָאס לִיגֶען פוּן אֵיין ווייבּ, דָאס אִיז אֵיין אוּמְווירְדִיגְקֵייט׃

23 אוּנְד מִיט קֵיין בְּהֵמָה זָאלְסְט דוּא נִיט לִיגֶען דִיךְ צוּ פֶערָאוּמְרֵיינִיגֶען דְרַאן אוּנְד אֵיין ווייבּ זָאל נִיט שְׁטֵיין פַאר אֵיין בְּהֵמָה זִיא צוּ מַאכֶען הוּרֶען, דָאס אִיז אֵיין פֶערמִישׁוּנְג׃

24 אִיהְר זָאלְט זִיךְ נִיט פֶערָאוּמְרֵיינִיגֶען אִין אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען, דֶען אִין אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען הָאבֶּען זִיךְ פֶערָאוּמְרֵיינִיגְט דִיא פֶעלְקֶער וָואס אִיךְ ווֶעל פֶערטְרֵייבֶּען פַאר אֵייךְ׃

25 אוּנְד דָאס לַאנְד אִיז אוּמְרֵיין אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעדֶענְקְט זֵיינֶע מִיסְטַהאט אוֹיף אִיהְם אוּנְד דָאס לַאנְד ווֶעט אוֹיסְשְׁפֵּייעֶן זֵיינֶע אֵיינְוואוֹינֶער׃

26 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען מֵיינֶע גֶעזֶעצֶען אוּנְד מֵיינֶע גֶערִיכְטֶען אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט טְהוּן פוּן אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע אוּמווירְדִיגְקֵייטֶען, דֶער אֵיינְגֶעבָּארֶענֶער אוּנְד דֶער וָואס ווָאוֹינְט צְווִישֶׁען אֵייךְ׃

27 דֶען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע אוּמווירְדִיגְקֵייטֶען הָאבֶּען גֶעטְהוּן דִיא לֵייטֶע פוּן דֶער לַאנְד וָואס אִיז צוּ פַאר אֵייךְ, אוּנְד דָאס לַאנְד אִיז גֶעווָארֶען אוּמְרֵיין׃

28 אוּנְד דָאס לַאנְד זָאל אֵייךְ נִיט אוֹיסְשְׁפֵּייעֶן, ווֶען אִיהְר ווֶעט עֶס פֶערְאוּמְרֵיינִיגֶען, גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא עֶס הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפֵּייט דָאס פָאלְק וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פַאר אֵייךְ׃

29 דֶען אִיטְלִיכֶער וָואס ווֶעט טְהוּן פוּן אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע אוּמווירְדִיגְקֵייטֶען, אַזוֹי זָאלֶען דִיא זֶעלֶען וָואס זֵייא טְהוּעֶן פֶערשְׁנִיטֶען ווֶערֶען פוּן צְווִישֶׁען זֵייעֶר פָאלְק׃

30 אַז אִיהְר זָאלְט נִיט טְהוּן פוּן דִיא גֶעזֶעצֶען פוּן דִיא אוּמווירְדִיגְקֵייטֶען וָואס זֶענֶען גֶעטְהוּן גֶעווָארֶען פַאר אֵייךְ, אַז אִיהְר זָאלְט זִיךְ נִיט פֶערָאוּמְרֵיינִיגֶען אָן זֵייא, אִיךְ בִּין דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט׃

## קאפיטעל יט.

### קדושים

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה

אַזוֹי

אַזוי צו זָאגֶען:

2 רֵייד צוּ דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, אִיהְר זָאלְט הֵיילִיג זַיין דֶען אִיךְ גָאט אֵייעֶר גָאט בִּין הֵיילִיג:

3 אִיהְר זָאלְט פֶערכְטֶען אִיטְלִיכֶער זַיין פָאטֶער אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען אִיטְלִיכֶער זַיינֶע שַׁבָּתִים, אִיךְ בִּין גָאט אֵייעֶר גָאט:

4 אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט קֶעהְרֶען צוּ דִיא אָבְגֶעטֶער, אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּ אֵייךְ נִיט מַאכֶען גֶעגָאסֶענֶע אָבְגֶעטֶער, אִיךְ בִּין גָאט אֵייעֶר גָאט:

5 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט אָפְּפֶערֶען אַיין פְרִידאָפְּפֶער צוּ גָאט צוּ אֵייעֶרֶען ווָאהְל־גֶעפַאלֶען זָאלְט אִיהְר עֶס אָפְּפֶערֶען:

6 אִין דֶעם טָאג אַז אִיהְר אָפְּפֶערְט זָאל עֶס גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען, אוּנְד אִין דֶעם מָארְגֶענְדִיגֶען טָאג, אָבֶער וָואס אִיבְרִיג בְּלֵייבְּט בִּיז דֶעם דְרִיטֶען טָאג זָאל פֶערבְּרֶענְט וֶוערֶען מִיט פֵייעֶר:

7 אָבֶער וֶוען עֶס וֶועט גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג, אִיז עֶס אוּמְ־ווירְדִיג עֶס וֶועט נִיט וָואהְל גִיפֶעלִיג זַיין:

8 אוּנְד דֶער וָואס וֶועט עֶס עֶסֶען זָאל טְרָאגֶען זַיין מִיסְטְהַאט, ווייל עֶר הָאט פֶערשְׁוֶועכְט דִיא הֵיילִיגְקֵייט פוּן גָאט, אוּנְד דִיא זֶעלְבִּיגֶע זֶעעֶל זָאל פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן אִיהְר פָאלְק:

9 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט שְׁנֵיידֶען דֶעם שְׁנִיט פוּן אֵייעֶר לַאנְד, זָאלְסְט דוּא נִיט גַאנְץ אָפְּשְׁנֵיידֶען דֶעם עֶק פוּן דַיין פֶעלְד, אוּנְד דִיא אוֹיפְקְלֵייבּוּנְג פוּן דַיין שְׁנִיט זָאלְסְט דוּא נִיט אוֹיפְקְלֵייבֶען:

10 אוּנְד דִיא ווַיינְגָארְטֶען זָאלְסְט דוּא נִיט נָאךְ לָאזֶען, אוּנְד דִיא אָפְּגֶעפַאלֶענֶע פְּרוּכְט פוּן דַיין ווַיינְגָארְטֶען זָאלְסְט דוּא נִיט אָפְּקְלֵייבֶּען, דוּא זָאלְסְט זֵייא לָאזֶען צוּ דִיא אָרֶעמֶע אוּנְד צוּ דֶעם גֵר, אִיךְ בִּין גָאט אֵייעֶר גָאט:

11 אִיהְר זָאלְט נִיט גַנְבֶ'עֶנֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט לִיגֶען זָאגֶען, אִיהְר זָאלְט נִיט פַאלְשׁ רֵיידֶען אֵיינֶער גֶעגֶען זַיין גֶעזֶעלֶע:

12 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט שְׁוֶוערֶען בֵּייא מֵיינֶעם נָאמֶען פַאלְשׁ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערשְׁוֶועכֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דַיין גָאט, אִיךְ בִּין גָאט:

13 דוּא זָאלְסְט נִיט גֶעווַאלְטִיגֶען דַיין גֶעזֶעלֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט רוֹיבֶּען, דוּא זָאלְסְט נִיט לָאזֶען אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען דֶעם לָאהְן פוּן דֶעם גֶעדוּנְגֶענֶעם בֵּייא דִיר בִּיז דֶעם מָארְגֶען:

14 דוּא זָאלְסְט נִיט שֶׁעלְטֶען אֵיין טוֹיבֶען, אוּנְד פַאר אֵיין בְּלִינְדֶען זָאלְסְט דוּא נִיט טְהוּן קֵיינֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ פֶערכְטֶען פַאר דַיין גָאט, אִיךְ בִּין גָאט:

15 אִיהְר זָאלְט נִיט טְהוּן אוּמְרֶעכְט אִין גֶערִיכְט, דוּא זָאלְסְט נִיט אָנֶעמֶען דָאס אָנְגֶעזִיכְט פוּן אֵיין אָרֶעמַאן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט שׂוֹיגֶען דָאס אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען מַאן, מִיט גֶערֶעכְטִיגְ־קֵייט זָאלְסְט דוּא רִיכְטֶען דַיין גֶעזֶעלֶען:

16 דוּא זָאלְסְט נִיט קֵיין רְכִילוּת טְרֵייבֶען אוּנְטֶער דַיין פָאלְק, דוּא זָאלְסְט נִיט שְׁטֵיין קֶעגֶען דָאס בְּלוּט פוּן דַיין גֶעזֶעלֶען, אִיךְ בִּין גָאט:

17 דוּא זָאלְסְט נִיט פֵיינְד הָאבֶען דַיין בְּרוּדֶער אִין דַיין הַארְץ, דוּא זאלְסְט גֶעווִיס שְׁטְרָאפֶען דַיין גֶעזֶעלֶען אוּנְד דוּא וֶועסְט נִיט טְרָאגֶען קֵיינֶע זִינְד

פון

פוּן זַיינֶע טְוֶועגֶען:

18 דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט נוֹקֵם זַיין, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט בֶּעהַאלְטֶען קֵיינֶע פֵיינְדְשַׁאפְט קֶעגֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דַיין פָאלְק, אוּנְד דוּא זָאלְסְט לִיבּ הָאבֶּען דַיין גֶעזֶעלֶען גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא זִיךְ זֶעלבְּסְט, אִיךְ בִּין גָאט:

19 מֵיינֶע גֶעזֶעצֶע זָאלְט אִיהְר הִיטֶען, דַיינֶע פִיךְ זָאלְסְט דוּא נִיט לָאזֶען הוֹיעֶרֶען קֵיינֶע כִּלְאַיִם, דַיין פֶעלְד זָאלְסְט דוּא נִיט זֵייעֶן קֵיינֶע כִּלְאַיִם, אוּנְד אֵיין קְלֵייד פוּן כִּלְאַיִם, (שַׁעַטְנֵז) זָאל נִיט אוֹיף גֵיין אוֹיף דִיר:

20 אוּנְד וֶוען אֵיין מַאן וֶועט לִיגֶען, בַּייא אֵיין ווייבּ מִיט דֶעם שִׁכְבַת זֶרַע, אוּנְד זִיא אִיז אֵיינֶע דִינְסְט עֶנְטְשְׁפֵּייזְט צוּ אַ מַאן אוּנְד זִיא אִיז נִיט אוֹיסגֶעלֵייזְט גֶעוָוארֶען, אָדֶער פְרֵייהֵייט אִיז נִיט גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ אִיהְר, עֶס זָאל זַיין אֵיינֶע שְׁטְרָאף, זֵייא זָאלֶען נִיט גֶעטֵייט וֶוערֶען, דֶען זִיא אִיז נִיט פְרֵייא גֶעוֶועזֶען:

21 אוּנְד עֶר זָאל בְּרֶענְגֶען זַיין שׁוּלְד אָפְּפֶער צוּ גָאט, צוּ דִיא טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג, אֵיין ווידֶער, אֵיין שׁוּלְד אָפְּפֶער:

22 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מְכַפֵּר זַיין אוֹיף אִיהְם מִיט דֶעם ווידֶער פוּן דֶעם שׁוּלְד אָפְּפֶער צוּ פַאר גָאט וֶועגֶען זַיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד עֶס וֶועט פֶערגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ אִיהְם פוּן זַיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט:

28 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט קוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד, אוּנְד אִיהְר וֶועט פְּפְלַאנְצֶען אַלֶערְלֵייא בֵּיימֶער, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר הַאלְטֶען זֵיירֶע פְרוּכְט פַאר פֶערשְׁטָאפְּפְט דְרֵייא יָאהְר זָאל עֶס פֶערשְׁטָאפְּפְט זַיין צוּ אֵייךְ, עֶס זָאל נִיט גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען:

24 אוּנְד אִין דֶעם פִירְטֶען יָאהְר זָאל זַיין אַלֶע זַיינֶע פְרוּכְט הֵיילִיגֶע לוֹיבּוּנְג צוּ גָאט:

25 אוּנְד אִין דֶעם פִינְפְטֶען יָאהְר זָאלְט אִיהְר עֶסֶען זַיינֶע פְרוּכְט, צוּ מֶעהְרֶען צוּ אֵייךְ זַיינֶע תְּבוּאָה, אִיךְ בִּין גָאט אֵייעֶר גָאט:

26 אִיהְר זָאלְט נִיט עֶסֶען מִיט דֶעם בְּלוּט, אִיהְר זָאלְט נִיט רֶעטִילֶען אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט שְׁטוּנְדֶעלֶען:

27 אִיהְר זָאלְט נִיט אַרוּם שֶׁערֶען דִיא עֶקֶען פוּן אֵייעֶר קָאפְּף הָאר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערדַארְבֶּען דִיא עֶקֶען פוּן דַיין בָּארְד:

28 אוּנְד קֵיין אֵיינשְׁנִיט זָאלְט אִיהְר נִיט מַאכֶען אִין אֵייעֶר פְלֵייש פוּן וֶועגֶען אֵיינֶען טוֹיטֶען, אוּנְד קֵיינֶע אֵיינְגֶעגְרָאבֶּענֶע שְׁרִיפְט זָאלְט אִיהְר נִיט מַאכֶען אָן אֵייךְ, אִיךְ בִּין גָאט:

29 דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערשְׁוֶועכֶען דַיינֶע טָאכְטֶער זִיא צוּ אֵיינֶע זוֹנָה צוּ מַאכֶען, אַז דָאס לַאנְד זָאל נִיט מְזַנֶּה זַיין, אוּנְד דָאס לַאנְד זָאל נִיט פוּל וֶוערֶען פוּן בֵּייזְהֵייט:

30 מֵיינֶע שַׁבָּתוֹת זָאלְט אִיהְר הִיטֶען אוּנְד מֵיין הֵיילִיגְטוּם (מִקְדָשִׁי) זָאלְט אִיהְר פֶערכְטֶען, אִיךְ בִּין גָאט:

31 אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט קֶעהְרֶען צוּ דִיא טוֹיטֶען בֶּעשְׁוֶוערֶער, אוּנְד נָאךְ צוֹיבֶּערֶער זָאלְט אִיהְר נִיט נָאךְ זוּכֶען, אֵייךְ צוּפֶערָאוּמְרֵיינִיגֶען מִיט זֵייא, אִיךְ בִּין גָאט אֵייעֶר גָאט:

32 פַאר אֵיין גְרוֹיעֶען מַאן זָאלְסְט דוּא אוֹיפְשְׁטֵיין, אוּנְד דוּא זָאלְסְט בֶּעשֵׁיינֶען דָאס אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶעם אַלְטֶען מַאן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ פֶערכְטֶען פַאר



דַיין

דֵיין גָאט, אִיךְ בִּין גָאט:
33 אוּנְד װֶען אֵיין פְּרֶעמְדֶער װֶעט
װאוֹינֶען בֵּייא דִיר, אִין אֵייעֶר לַאנְד,
זָאלְט אִיהְר אִיהְם נִיט אוּנְטֶערְדְרִיקֶען:
34 גְלֵייךְ אַז װִיא דֶער אֵיינְגֶעבָּארֶענֶער
פוּן אֵייךְ זָאל זֵיין צוּ אֵייךְ דֶער פְּרֶעמְדְלִינְג
װָאס װאוֹינְט בֵּייא אֵייךְ, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט אִיהְם לִיבּ הָאבֶּען גְלֵייךְ װִיא
דִיךְ זֶעלְבְּסְט, דֶען אִיהְר זֵייט פְּרֶעמְדְלִינְגֶע
גֶעװֶעזֶען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אִיךְ
בִּין גָאט אֵייעֶר גָאט:
35 אִיהְר זָאלְט נִיט טְהוּן אוּמְרֶעכְט
אִין גֶערִיכְט, מִיט מָאס, מִיט גֶעװִיכְט,
אוּנְד מִיט דֶער נַאסֶער מָאס:
36 גֶערֶעכְטֶע װָאגְשָׁאלֶען, גֶערֶעכְטֶע
גֶעװִיכְט שְׁטֵיינֶער, אֵיינֶע גֶערֶעכְטֶע
אֵיפָה, אוּנְד אֵיינֶע גֶערֶעכְטֶע הִין זָאל
זֵיין צוּ אֵייךְ, אִיךְ בִּין גָאט, אֵייעֶר
גָאט, װָאס אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אַרױסגֶע־
בְּרֶענְגְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:
37 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען אַלֶע מֵיינֶע
גֶעזֶעצֶען אוּנְד אַלֶע מֵיינֶע גֶערִיכְטֶען,
אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא טְהוּן, אִיךְ בִּין
גָאט:

## קאפיטעל כ

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזױ צוּ זָאגֶען:
2 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אָדֶער פוּן דֶעם פְּרֶעמְד־
לִינְג װָאס װאוֹינְט אִין יִשְׂרָאֵל, װָאס
װֶעט גֶעבֶּען פוּן זֵיין זָאמֶען צוּם מוֹלֶךְ,
זָאל גֶעװִיס גֶעטױטֶעט װֶערֶען, דָאס
פָאלְק פוּן דָאס לַאנְד זָאל אִיהְם
שְׁטֵיינִיגֶען מִיט שְׁטֵיינֶער:
3 אוּנְד אִיךְ װֶעל טְהוּן מֵיין אָנְגֶעזִיכְט
קֶעגֶען דֶעם זֶעלְבִּיגֶען מַאן, אוּנְד אִיךְ
װֶעל אִיהְם פֶערְשְׁנֵיידֶען פוּן צְװִישֶׁען
זֵיין פָאלְק, װֵייל עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען פוּן
זֵיין זָאמֶען צוּם מוֹלֶךְ, פוּן װֶעגֶען צוּ
פֶערְאוּמְרֵיינִיגֶען מֵיין הֵיילִיגְטוּם (מִקְדָּשִׁי)
אוּנְד צוּ פֶערְשְׁװֶעכֶען מֵיין הֵיילִיגֶען
נָאמֶען:
4 אוּנְד װֶען דָאס פָאלְק פוּן דֶעם
לַאנְד װֶעט פֶערְהֶעהְלֶען זֵיירֶע אוֹיגֶען
פוּן דֶעם זֶעלְבִּיגֶען מַאן, אַז עֶר הָאט
גֶעגֶעבֶּען פוּן זֵיין זָאמֶען צוּם מוֹלֶךְ,
אִיהְם נִיט צוּ טוֹיטֶען:
5 אַזױ װֶעל אִיךְ טְהוּן מֵיין אָנְגֶעזִיכְט
קֶעגֶען דֶעם זֶעלְבִּיגֶען מַאן אוּנְד קֶעגֶען
זֵיין גֶעשְׁלֶעכְט (מִשְׁפָּחָה), אוּנְד אִיךְ
װֶעל אִיהְם פֶערְשְׁנֵיידֶען אוּנְד אַלֶע דִיא
װָאס זֶענֶען מְזַנֶּה נָאךְ אִיהְם, מְזַנֶּה צוּ
זֵיין נָאךְ מוֹלֶךְ נָאךְ, פוּן צְװִישֶׁען זֵייעֶר
פָאלְק:
6 אוּנְד דִיא זֶעעֶל װָאס װֶעט זִיךְ
קֶעהְרֶען צוּ דִיא טוֹיטֶען בֶּעשְׁװֶערֶער
אוּנְד צוּ דִיא צוֹיבֶּערֶער, מְזַנֶּה צוּ זֵיין
נָאךְ זֵייא, אַזױ װֶעל אִיךְ טְהוּן מֵיין
אָנְגֶעזִיכְט קֶעגֶען דִיא זֶעלְבִּיגֶע זֶעעֶל,
אוּנְד אִיךְ װֶעל אִיהְם פֶערְשְׁנֵיידֶען פוּן
צְװִישֶׁען זֵיין פָאלְק:
7 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ הֵיילִיגֶען,
אוּנְד אִיהְר זָאלְט הֵיילִיג זֵיין, דֶען אִיךְ
בִּין גָאט אֵייעֶר גָאט:
8 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען מֵיינֶע
גֶעזֶעצֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא טְהוּן
אִיךְ בִּין גָאט װָאס הֵיילִיגְט אֵייךְ:
9 דֶען אִיטְלִיכֶער װָאס װֶעט פְלוּכֶען
זֵיין פָאטֶער אָדֶער זֵיינֶע מוּטֶער זָאל
גֶעװִיס גֶעטױטֶעט װֶערֶען, עֶר הָאט
גֶעפְלוּכְט זֵיין פָאטֶער אָדֶער זֵיינֶע
מוּטֶער, זֵיינֶע בְּלוּט שׁוּלְד זָאל זֵיין אוֹיף
אִיהְם:
10 אוּנְד דֶער װָאס װֶעט מְנָאֵף זֵיין



מִיט

מִיט דֶעם ווייבּ פוּן אֵיין מַאן, וָואס
וָועט מְנַאֵף זַיין מִיט דֶעם ווייבּ פוּן זַיין
גֶעזֶעלֶען, דֶער נוֹאֵף אוּנְד דִיא מְנָאֶפֶת
זָאלֶען גֶעוִויס גֶעטוֹיטֶעט וָוערֶען:
11 אוּנְד דֶער מַאן וָואס וָועט לִיגֶען
בַּייא דֶעם ווייבּ פוּן זַיין פָאטֶער, עֶר
הָאט אוֹיפְגֶעדֶעקְט דִיא שַׁאנְד פוּן זַיין
פָאטֶער, זַייא זָאלֶען בֵּיידֶע גֶעוִויס
גֶעטוֹיטֶעט וָוערֶען, זַייעֶר בְּלוּט שוּלְד
זָאל זַיין אוֹיף זַייא:
12 אוּנְד דֶער מַאן וָואס וָועט לִיגֶען
בַּייא זַיינֶע שְׁנוּר, זַייא זָאלֶען בֵּיידֶע
גֶעטוֹיטֶעט וָוערֶען, זַייא הָאבֶּען פֶער־
מִישׁוּנְג גֶעמַאכְט, זַיירֶע בְּלוּט שוּלְד
זָאל זַיין אוֹיף זַייא:
13 אוּנְד דֶער מַאן וָואס וָועט לִיגֶען
בַּייא אֵיין זָכָר, גְלֵייךְ אַז ווִיא דָאס
לִיגֶען פוּן אֵיין ווייבּ, זַייא בֵּיידֶע הָאבֶּען
גֶעמַאכְט אוּמווִירְדִיגְקֵייט, זַייא זָאלֶען
גֶעוִויס גֶעטוֹיטֶעט וָוערֶען, זַייעֶרֶע בְּלוּט
שוּלְד זָאל זַיין אוֹיף זַייא:
14 אוּנְד דֶער מַאן וָואס וָועט נֶעמֶען
אֵיין ווייבּ אוּנְד אִיהְרֶע מוּטֶער, דָאס
אִיז אֵיינֶע בֵּייזְהֵייט, זַייא זאלֶען מִיט
פַייעֶר פֶערבְּרֶענֶען אִיהם אוּנְד זַייא
אוּנְד עֶס זָאל נִיט זַיין קֵיינֶע בֵּייזְהֵייט
אוּנְטֶער אֵייךְ:
15 אוּנְד דֶער מַאן וָואס וָועט לִיגֶען
בַּייא אֵיינֶע בְּהֵמָה זָאל גֶעוִויס גֶעטוֹיטֶעט
וָוערֶען, אוּנְד דִיא בְּהֵמָה זָאלְט אִיהר
דֶערשְׁלָאגֶען:
16 אוּנְד דָאס ווייבּ וָואס וָועט גֶענֶעהֶנֶען
צוּ אַלֶערְלֵייא בְּהֵמָה צוּ הוֹיעֶרֶען מִיט
אִיהר, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דֶערשְׁלָאגֶען
דָאס ווייבּ אוּנְד דִיא בְּהֵמָה, זַייא זָאלֶען
גֶעוִויס גֶעטוֹיטֶעט וָוערֶען, זַייעֶר בְּלוּט
שוּלְד זָאל זַיין אוֹיף זַייא:
17 אוּנְד דֶער מַאן וָואס וָועט נֶעמֶען
זַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, דִיא טָאכְטֶער פוּן
זַיין פָאטֶער, אָדֶער דִיא טָאכְטֶער פוּן
זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד עֶר וָועט זֶעהֶען
אִיהְרֶע שַׁאנְד, אוּנְד זִיא וָועט זֶעהֶען
זַיינֶע שַׁאנְד, עֶס אִיז אֵיינֶע שֶׁענְדלִיכֶע
זַאךְ, אוּנְד זַייא זָאלֶען פֶערשְׁנִיטֶען וָוערֶען
צוּ פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא קִינְדֶער
פוּן זַייעֶר פָאלְק, עֶר הָאט אוֹיפְגֶעדֶעקְט
דִיא שַׁאנְד פוּן זַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, עֶר
זָאל טְרָאגֶען זַיינֶע מִיסֶעטְהַאט:
18 אוּנְד אֵיין מַאן וָואס וָועט לִיגֶען
מִיט אֵיין ווייבּ אִין אִיהרֶע קְרַאנְקְהֵייט,
אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיפְגֶעדֶעקְט אִיהְרֶע
שַׁאנְד, עֶר הָאט אוֹיפְגֶעדֶעקְט אִיהְרֶע
קְוֶועל, אוּנְד זִיא הָאט אוֹיפְגֶעדֶעקְט דִיא
קְוֶועל פוּן אִיהר בְּלוּט, אַזוֹי זָאלֶען זַייא
בֵּיידֶע פֶערשְׁנִיטֶען וָוערֶען פוּן צְווִישֶׁען
זַייעֶר פָאלְק:
19 אוּנְד דִיא שַׁאנְד פוּן דִיא שְׁוֶועסְטֶער
פוּן דֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד פוּן דִיא
שְׁוֶועסְטֶער פוּן דֵיין פָאטֶער, זָאלְסְט
דוּא נִיט אוֹיפְדֶעקֶען, דֶען עֶר הָאט
אוֹיפְגֶעדֶעקְט זַיינֶע נָאהֶענְטֶע פְרֵיינְדִין,
זַייא זָאלֶען טְרָאגֶען זַייעֶרֶע מִיסֶעטְהַאט:
20 אוּנְד דֶער מַאן וָואס וָועט לִיגֶען
בַּייא זַיינֶע מוּמֶע, הָאט אוֹיפְגֶעדֶעקְט דִיא
שַׁאנְד פוּן זַיין פֶעטֶער, זַייא זָאלֶען טְרָאגֶען
זַיירֶע זִינְד, אָהְן קִינְדֶער זָאלֶען זַייא
שְׁטַארְבֶּען:
21 אוּנְד וָוען אֵיין מַאן וָועט נֶעמֶען
דָאס ווייבּ פוּן זַיין בְּרוּדֶער, עֶס אִיז
אֵיינֶע אָבְּזוּנְדֶערוּנְג, עֶר הָאט אוֹיפְגֶעדֶעקְט
דִיא שַׁאנְד פוּן זַיין בְּרוּדֶער, זַייא זָאלֶען
בְּלֵייבֶּען אָהְן קִינְדֶער:
22 אוּנְד אִיהר זָאלְט הִיטֶען אַלֶע מֵיינֶע
גֶעזֶעצֶען, אוּנְד אַלֶע מֵיינֶע גֶערִיכְטֶען,

אוּנְד

אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא טְהוּן, אַז דָאס לַאנְד זָאל אֵייךְ נִיט אוֹיסשְׁפֵּייעֶן, וָואס אִיךְ בְּרֶענְג אֵייךְ אַרֵיין דָארְטֶען אַהִין צוּ וְואוֹינֶען דְרִינֶען:

23 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט גֵיין נָאךְ דִיא גֶעזֶעצֶע נָאךְ פוּן דֶעם פָאלְק וָואס אִיךְ פֶערְטְרֵייבּ פוּן פַאר אֵייךְ, דֶען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען הָאבֶּען זֵייא גֶעטְהוּן, אוּנְד אִיךְ הָאבּ פֶערְאוּמְוִוירְדִיגְט אָן זֵייא:

24 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אִיהְר זָאלְט עֶרְבֶּען זֵייעֶר לַאנְד, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס אֵייךְ גֶעבֶּען עֶס צוּ עֶרְבֶּען, אֵיין לַאנְד וָואס פְלִיסְט פוּן מִילךְ אוּנְד הָאנִיג, אִיךְ בִּין דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט, וָואס אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אָבְּגֶעשֵׁייד פוּן דִיא פֶעלְקֶער:

25 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אוּנְטֶערשֵׁיידֶען צְווִישֶׁען דִיא רֵיינֶע בְּהֵמוֹת אוּנְד דִיא אוּמְרֵיינֶע, אוּנְד צְווִישֶׁען דִיא אוּמְרֵיינֶע פֵייגֶעל אוּנְד דִיא רֵיינֶע, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְאוּמְוִוירְדִיגֶען אֵיירֶע זֶעלֶען מִיט בְּהֵמוֹת, אָדֶער מִיט פֵייגֶעל, אָדֶער מִיט אַלֶעם וָואס דִיא עֶרְד ווִימֶעלְט, וָואס אִיךְ הָאבּ אָבְּגֶעשֵׁייד פוּן אֵייךְ אַלְס אוּמְרֵיין:

26 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הֵיילִיג זֵיין צוּ מִיר, דֶען אִיךְ גָאט בִּין הֵיילִיג, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אָבְּגֶעשֵׁייד פוּן דִיא פֶעלְקֶער אַז אִיהְר זָאלְט מֵיין זֵיין:

27 אוּנְד וֶוען אֵיין מַאן אָדֶער אֵיין ווֵייבּ אוּנְטֶער זֵייא, וֶועט זֵיין אֵיין טוֹיטֶען בֶּעשְׁוֶועהְרֶער, אָדֶער אֵיין צוֹיבֶּערֶער, זֵייא זָאלֶען גֶעווִיס גֶעטוֹיטֶעט ווֶערֶען, מִיט שְׁטֵיינֶער זָאלֶען זֵייא זֵייא שְׁטֵיינִיגֶען, זֵיירֶע בְּלוּט שׁוּלְד זָאל זֵיין אוֹיף זֵייא:

## אמור קאפיטעל כא

א אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, זָאג צוּ דִיא כֹּהֲנִים, דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, קֵיינֶער זָאל זִיךְ נִיט פֶערְאוּמְרֵיינִיגֶען אִין זֵיין פָאלְק, פוּן וֶועגֶען אֵיין טוֹיטֶען:

2 גֵייעֶרְט פוּן וֶועגֶען זֵיין פְרֵיינְד, וָואס אִיז נָאהְנְט צוּ אִיהְם, פוּן וֶועגֶען זֵיינֶע מוּטֶער, אָדֶער פוּן וֶועגֶען זֵיין פָאטֶער, אָדֶער פוּן וֶועגֶען זֵיין זוּהְן, אָדֶער פוּן וֶועגֶען זֵיינֶע טָאכְטֶער, אָדֶער פוּן וֶועגֶען זֵיין בְּרוּדֶער:

3 אוּנְד פוּן וֶועגֶען זֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, אֵיינֶע יוּנְגְפְרוֹיא, וָואס אִיז נָאהְנְט צוּ אִיהְם, וָואס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען צוּ קֵיין מַאן, פוּן וֶועגֶען אִיהְר קָאן עֶר זִיךְ פֶערְאוּמְ־רֵיינִיגֶען:

4 עֶר אִיז אֵיין אוֹיבֶּערְשְׁטֶער אִין זֵיין פָאלְק, עֶר זָאל זִיךְ נִיט פֶערְאוּמְרֵיינִיגֶען זִיךְ צוּ פֶערְשְׁוֶועכֶען:

5 זֵייא זָאלֶען נִיט מַאכֶען קָאהלְהֵייט אִין זֵייעֶר קָאפְּף, אוּנְד דִיא עֶקֶען פוּן זֵייעֶר בָּארְד זָאלֶען זֵייא נִיט אָבְּשֶׁערֶען, אוּנְד אִין זֵייעֶר פְלֵיישׁ זָאלֶען זֵייא נִיט אֵיינשְׁנֵיידֶען קֵיינֶע אֵיינשְׁנֵיידוּנְג:

6 זֵייא זָאלֶען הֵיילִיג זֵיין צוּ זֵייעֶר גָאט, אוּנְד זֵייא זָאלֶען נִיט פֶערְשְׁוֶועכֶען דֶעם נָאמֶען פוּן זֵייעֶר גָאט, דֶערְוֵוייל זֵייא גֶענֶעהְנֶען דִיא פֵייעֶרְאָפְּפֶער פוּן גָאט, דָאס בְּרוֹיט פוּן זֵייעֶר גָאט, אוּנְד זֵייא זָאלֶען הֵיילִיג זֵיין:

7 זֵייא זָאלֶען נִיט נֶעמֶען אֵיין ווֵייבּ אֵיינֶע זוֹנָה, אָדֶער אֵיינֶע אוּמְהֵיילִיגֶע, אוּנְד אֵיין ווֵייבּ אֵיינֶע גְרוּשָׁה פוּן אִיהְר מַאן זָאלֶען זֵייא נִיט נֶעמֶען, דֶען עֶר אִיז הֵיילִיג צוּ זֵיין גָאט:

8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם הֵיילִיגֶען,

דָען עֶר גֶענֶעהְנְט דָאס בְּרוֹיט פוּן דֵיין גָאט, עֶר זָאל הֵיילִיג זַיין צוּ דִיר, דֶען אִיךְ גָאט בִּין הֵילִיג וָואס הֵיילִיגְט אַייךְ :

9 אוּנְד וֶוען דִיא טָאכְטֶער פוּן אֵיין מַאן וָואס אִיז אֵיין כֹּהֵן, וֶועט זִיךְ פֶערשְׁוֶועכֶען מְזַנֶה צוּ זַיין, זִיא הָאט פֶערשְׁוֶועכְט אִיהְר פָאטֶער, זִיא זָאל מִיט פַייעֶר פֶערבְּרֶענְט וֶוערֶען :

10 אָבֶּער דֶער כֹּהֵן וָואס אִיז גְרֶעסֶער פוּן זֵיינֶע בְּרִידֶער, וָואס דָאס אֵייל פוּן דִיא זַאלְבּוּנְג אִיז גֶעגָאסֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף זַיין קָאפְּף, אוּנְד מֶען הָאט דֶערְפִילְט זֵיינֶע הַאנְד אָנְצוּקְלֵיידֶען דִיא קְלֵיידֶער, עֶר זָאל נִיט אוֹיפְדֶעקֶען זַיין קָאפְּף, אוּנְד עֶר זָאל נִיט צוּרֵייסֶען זֵיינֶע קְלֵיידֶער :

11 אוּנְד צוּ קֵיינֶע טוֹיטֶע לֵייבֶּער זָאל עֶר נִיט קוּמֶען, עֶר זָאל זִיךְ נִיט פֶערְאוּמְרֵיינִיגֶען פוּן וֶועגֶען זַיין פָאטֶער אָדֶער פוּן וֶועגֶען זֵיינֶע מוּטֶער :

12 אוּנְד פוּן דֶעם הֵיילִיגְטוּם [מִקְדָש] זָאל עֶר נִיט אַרוֹיסגֵיין אַז עֶר זָאל נִיט פֶערשְׁוֶועכֶען דָאס הֵיילִיגְטוּם פוּן זַיין גָאט, דֶען דִיא קְרוֹין פוּן דֶעם אֵייל פוּן דִיא זַאלְבּוּנְג פוּן זַיין גָאט אִיז אוֹיף אִיהְם, אִיךְ בִּין גָאט :

13 אוּנְד עֶר זָאל נֶעמֶען אֵיין וַוייבּ אִין אִיהְרֶע יוּנְגְפְרוֹישַׁאפְט :

14 אֵיינֶע אַלְמָנָה אָדֶער אֵיינֶע גְרוּשָׁה אָדֶער אֵיינֶע אוּמְהֵיילִיגֶע, אֵיינֶע זוֹנָה, דִיא דָאזִיגֶע זָאל עֶר נִיט נֶעמֶען, נֵייעֶרְט אֵיינֶע יוּנְגְפְרוֹיא פוּן זַיין פָאלְק זָאל עֶר נֶעמֶען צוּ אֵיין וַוייבּ :

15 אוּנְד עֶר זָאל נִיט פֶערשְׁוֶועכֶען זַיין זָאמֶען אִין זַיין פָאלְק, דֶען אִיךְ בִּין גָאט וָואס הֵיילִיגְט אִיהְם :

16 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען :

17 רֵייד צוּ אַהֲרֹן אַזוֹי צוּ זָאגֶען, קֵיין מַאן פוּן דֵיין זָאמֶען צוּ זֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, וָואס עֶס אִיז אִין אִיהְם אֵיין גֶעבְּרֶעךְ (מוּם) זָאל זִיךְ נִיט גֶענֶעהְנֶען מַקְרִיב צוּ זַיין דָאס בְּרוֹיט פוּן זַיין גָאט :

18 דֶען אִיטְלִיכֶער מַאן וָואס עֶס אִיז אֵיין גֶעבְּרֶעךְ אִין אִיהְם זָאל זִיךְ נִיט גֶענֶעהְנֶען, אֵיין בְּלִינְדֶער אָדֶער אֵיין הִינְקֶעדִיגֶער, אָדֶער אֵיין שְׁטוּמְפְּפְנָאזִיגֶער, אָדֶער אֵיינֶער וָואס הָאט אֵיין גְלִיד צוּ פִיל :

19 אָדֶער אֵיין מַאן וָואס עֶס אִיז אָן אִיהְם אֵיין גֶעבְּרֶעךְ אָן דֶעם פוּס, אָדֶער אֵיין גֶעבְּרֶעךְ אָן דִיא הַאנְד :

20 אָדֶער אֵיין הוֹיקֶערדִיגֶער, אָדֶער אֵיינֶע דִינֶע הוֹיט, אָדֶער וָואס הָאט אֵיין שְׁטְרֵייף אִין זַיין אוֹיג, אָדֶער דַארֶע גְרִינְד, אָדֶער גְרִינֶע גְרִינְד, אָדֶער צוּקְוֶועטְשְׁט אִין זַיין גֶעמֶעכְטִס :

21 אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן דֶעם זָאמֶען פוּן אַהֲרֹן, דֶעם כֹּהֵן, וָואס אִיז אָן אִיהְם אֵיין גֶעבְּרֶעךְ זָאל זִיךְ נִיט גֶענֶעהְנֶען מַקְרִיב צוּ זַיין דִיא פַייעֶר אָפְּפֶער פוּן גָאט, עֶס אִיז אֵיין גֶעבְּרֶעךְ אָן אִיהְם, עֶר זָאל זִיךְ נִיט גֶענֶעהְנֶען מַקְרִיב צוּ זַיין דָאס בְּרוֹיט פוּן זַיין גָאט :

22 דָאס בְּרוֹיט פוּן זַיין גָאט, פוּן דֶעם גַאנְץ הֵיילִיגֶען אוּנְד פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען, מֶעג עֶר עֶסֶען :

23 נֵייעֶרְט צוּ דֶעם פָארהַאנְג זָאל עֶר נִיט קוּמֶען אוּנְד צוּ דֶעם אָפְּפֶערשְׁטוּהְל זָאל עֶר זִיךְ נִיט גֶענֶעהְנֶען, דֶען עֶס אִיז אֵיין גֶעבְּרֶעךְ [מוּם] אִין אִיהְם, אַז עֶר זָאל נִיט פֶערשְׁוֶועכֶען מֵיין הֵיילִיגְטוּם,

דֶעון אִיךְ בִּין גָאט וָואס הֵיילִיגְט זֵייא׃

24 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט עֶס גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן, אוּנְד צוּ זֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד צוּ אַלֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃

קאפיטעל כב

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

2 רֵייד צוּ אַהֲרֹן אוּנְד צוּ זֵיינֶע זִיהְן, אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ אָבְּשֵׁיידֶען פוּן דִיא הֵיילִיגְקֵייטֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אַז זֵייא זָאלֶען נִיט פֶערשְׁוֶועכֶען מֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אִין וָואס זֵייא מַאכֶען הֵיילִיג צוּ מִיר, אִיךְ בִּין גָאט׃

3 זָאג צוּ זֵייא, צוּ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן זֵייעֶר זָאמֶען וָואס וֶועט זִיךְ גֶענֶעהֶנֶען צוּ דִיא הֵיילִיגְקֵייטֶען וָואס דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וֶועלֶען הֵיילִיגֶען צוּ גָאט, אוּנְד זֵיינֶע אוּמְרֵיינִיגְקֵייט אִיז אוֹיף אִיהְם, אַזוֹי זָאל דִיא זֶעלְבִּיגֶע זֶעעֶל פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן פַאר מִיר, אִיךְ בִּין גָאט׃

4 אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן דֶעם זָאמֶען פוּן אַהֲרֹן, וֶוען עֶר אִיז קְרֶעצִיג אָדֶער פְלִיסִיג, זָאל נִיט עֶסֶען פוּן דִיא הֵיילִיגְקֵייטֶען בִּיז אַז עֶר וֶועט רֵיין זֵיין, אוּנְד דֶער מַאן וָואס אָנְרִיהְרְט אָן אִיטְלִיכֶעס וָואס אִיז אוּמְרֵיין פוּן וֶועגֶען אֵיין טוֹיטֶען, אָדֶער אֵיין מַאן וָואס דָאס שִׁכְבַת זֶרַע אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן אִיהְם׃

5 אָדֶער דֶער מַאן וָואס וֶועט אָנְרִיהְרֶען אָן אַלֶערְלֵייא וִוידְמֶענוּנְג פוּן וָואס עֶר וֶועט אוּמְרֵיין זֵיין פוּן זֵיינֶעטְוֶועגֶען, אָדֶער אָן אֵיין מֶענְשׁ פוּן וָואס עֶר וֶועט אוּמְרֵיין זֵיין פוּן זֵיינֶעטְוֶועגֶען צוּ אַלֶע זֵיינֶע אוּמְרֵיינִיגְקֵייט׃

6 דִיא זֶעעֶל וָואס וֶועט אָנְרִיהְרֶען אָן אִיהְם אַזוֹי זָאל זִיא אוּמְרֵיין זֵיין בִּיז דֶעם אָבֶענְד, אוּנְד עֶר זָאל נִיט עֶסֶען פוּן דִיא הֵיילִיגְקֵייטֶען, נֵייעֶרְט בִּיז עֶר וֶועט וַואשֶׁען זֵיין פְלֵיישׁ אִין וַואסֶער׃

7 וֶוען דִיא זוּן וֶועט אוּנְטֶער גֵיין אַזוֹי זָאל עֶר רֵיין זֵיין, אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאל עֶר עֶסֶען פוּן דִיא הֵיילִיגְקֵייטֶען, דֶען עֶס אִיז זֵיין שְׁפֵּייז׃

8 אֵיינֶע נְבֵלָה אָדֶער פֶערצִיקְטֶעס זָאל עֶר נִיט עֶסֶען, צוּ פֶעראוּמְרֵיינִיגֶען זִיךְ דַאמִיט, אִיךְ בִּין גָאט׃

9 אוּנְד זֵייא זָאלֶען הִיטֶען מֵיינֶע הִיטוּנְג, אַז זֵייא זָאלֶען נִיט טְרָאגֶען זִינְד אוֹיף זִיךְ, אַז זֵייא זָאלֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען דַארִינֶען, וֶוען זֵייא וֶועלֶען עֶס פֶערשְׁוֶועכֶען, אִיךְ בִּין גָאט, וָואס הֵיילִיגְט זֵייא׃

10 אוּנְד קֵיין פְרֶעמְדֶער זָאל נִיט עֶסֶען דָאס הֵיילִיגֶע, דֶער אֵיינְווָאוינֶער בֵּייא דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד דֶער גֶעדוּנְגֶענֶער זָאל נִיט עֶסֶען דָאס הֵיילִיגֶע׃

11 אָבֶּער וֶוען דֶער כֹּהֵן וֶועט קוֹיפֶען אֵיינֶע זֶעעֶל, דִיא קוֹיפוּנְג פוּן זֵיין גֶעלְד, עֶר מֶעג עֶסֶען דֶערפוּן, אוּנְד וָואס אִיז גֶעבָּאוֹרֶען אִין זֵיין הוֹיז, זֵייא מֶעגֶען עֶסֶען פוּן זֵיין בְּרוֹיט׃

12 אוּנְד דִיא טָאכְטֶער פוּן אֵיין כֹּהֵן וֶוען זִיא וֶועט זֵיין צוּ אֵיין פְרֶעמְדֶען מַאן, זִיא זָאל נִיט עֶסֶען פוּן דִיא אָבּ־שֵׁיידוּנְג פוּן דִיא הֵיילִיגְקֵייטֶען׃

13 אוּנְד דִיא טָאכְטֶער פוּן אֵיין כֹּהֵן וֶוען זִיא וֶועט זֵיין אֵיינֶע אַלְמָנָה אָדֶער גְרוּשָׁה, אוּנְד זִיא הָאט קֵיין זָאמֶען נִיט, אוּנְד וֶוען זִיא וֶועט צוּרִיק קֶעהְרֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן אִיהְר פָאטֶער, גְלֵייךְ אַז וִויא אִין אִיהְרֶע יוּגֶענְד, אַזוֹי מֶעג זִיא עֶסֶען פוּן דֶעם בְּרוֹיט פוּן אִיהְר פָאטֶער,

אונד קיין פֿרעמדער זאל ניט עסען דערפֿון׃

14 אונד ווען איין מאן וועט עסען עטוואס הייליגעס אומוויסענטליך, אזוי זאל ער מעהרען זיין פֿינפֿטעס טייל דארויף, אונד ער זאל עס געבען צו דעם כהן מיט דעם הייליגען׃

15 אונד זייא זאלען ניט פֿערשוועכען די הייליגקייטען פֿון די קינדער ישראל וואס זייא וועלען אבשיידען צו גאט׃

16 אונד זייא וועלען אויף זיך טראגען די מיסעטהאט פֿון שולד, ווען זייא וועלען עסען זייערע הייליגקייטען, דען איך בין גאט וואס הייליגט זייא׃

17 אונד גאט האט גערעט צו משה אזוי צו זאגען׃

18 רייד צו אהרן אונד צו זיינע זיהן אונד צו אלע קינדער ישראל, אונד דוא זאלסט צו זייא זאגען, איטליכער מאן פֿון דעם הויז ישראל אונד פֿון דעם פֿרעמדלינג אין ישראל, וואס וועט גענעהענען זיין אפּפֿער צו אלע זייערע נדרים, אונד צו אלע זייערע פֿרייוויליגקייטען, וואס זייא וועלען גענעהענען צו גאט צו איין בראנדאפּפֿער׃

19 נאך אייער וואהלגעפֿאלען, איין זכר אהן פֿעהלער, פֿון די רינדער, פֿון די לעמער, אונד פֿון די ציגען׃

20 קיינעס וואס עס איז אן איהם איין געברעך (מום) זאלט איהר ניט גענעהענען, דען עס וועט ניט זיין צו איך איין וואהלגעפֿאלען׃

21 אונד איין מאן ווען ער וועט מקריב זיין איין פֿרידאפּפֿער צו גאט, אבצוזונדערען צו איין נדר, אדער צו איין פֿרייוויליגעס אפּפֿער פֿון די רינדער, אדער פֿון די שאף, עס זאל זיין אהן פֿעהלער, קיין געברעך זאל ניט זיין דארין׃

22 בלינד, אדער געבראכען, אדער פֿערוואונדעט, אדער מיט איין ווארצעל, אדער מיט דעם גרינד, אדער מיט דעם גרינעס גרינד, די דאזיגע זאלט איהר ניט גענעהענען צו גאט, אונד איין פֿייער אפּפֿער זאלט איהר ניט ברענגען פֿון זייא אויף דעם אפּפֿער שטוהל צו גאט׃

23 אבער איין אקס אדער איין לאם וואס האט איין גליד צו גרויס אדער צו קליין, צו איין פֿרייוויליגעס אפּפֿער קאנסטו דוא עס מאכען, אבער צו איין נדר וועט עס ניט וואהל געפֿעליג זיין׃

24 אבער דאס צוקוועטשטע אדער צושטויסענע אדער פֿעריקטע אדער פֿערשניטענע זאלט איהר ניט גענעהענען צו גאט, אונד אין אייער לאנד זאלט איהר עס ניט מאכען׃

25 אונד פֿון די האנד פֿון איין פֿרעמדען זאלט איהר ניט גענעהענען דאס ברויט פֿון אייער גאט, פֿון אלע די דאזיגע, דען זייערע פֿערדערבונג איז אן זייא, איין געברעך איז אן זייא, זייא זאלען ניט וואהל געפֿעליג זיין פֿון אייערטוועגען׃

26 אונד גאט האט גערעט צו משה אזוי צו זאגען׃

27 ווען איין אקס אדער איין לאם אדער איין בעקעל וועט געבוירען ווערען, אזוי זאל עס זיין זיבען טעג ביי זיינע מוטער, אונד נאך דעם אכטען טאג אונד ווייטער, זאל עס וואהל געפֿעליג זיין צו איין פֿייער אפּפֿער צו גאט׃



אבער

28 אָבֶּער אֵיין אָקְס אָדֶער אֵיין שָׁאף,
אִיהְם אוּנְד זֵיין יוּנְגֶעס זָאלְט אִיהְר נִיט
שֶׁעכְטֶען אִין אֵיין טָאג :
29 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט אָפְּפֶערֶען
אֵיין דַאנְק אָפְּפֶער צוּ גָאט, צוּ אֵייעֶרעם
וָואהְל גֶעפַאלֶען זָאלְט אִיהְר אָפְּפֶערֶען :
30 אִין דֶעם זֶעלְבִּיגֶען טָאג זָאל עֶס
גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען, אִיהְר זָאלְט נִיט
אִיבְּרִיג לָאזֶען פוּן אִיהְם בִּיז דֶעם
מָארְגֶען, אִיךְ בִּין גָאט :
31 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען מֵיינֶע
גֶעבָּאטֶע, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא טְהוּן,
אִיךְ בִּין גָאט :
32 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְשְׁוֶועכֶען
מֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
גֶעהֵיילִיגְט וֶוערֶען אִין צְווִישֶׁען דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אִיךְ בִּין גָאט וָואס
הֵיילִיגְט אֵייךְ :
33 דֶער וָואס הָאט אֵייךְ אַרוֹיסגֶע־
בְּרֶענְגְט פוּן לַאנְד מִצְרַיִם, צוּ זֵיין צוּ
אֵייךְ גָאט, אִיךְ בִּין גָאט :

## קאפיטעל כג

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
2 רֵייד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד
דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ זֵייא, דִיא פֵייעֶר
טֶעג פוּן גָאט וָואס אִיהְר זָאלְט זֵייא
אוֹיסרוּפֶען דִיא הֵיילִיגֶע פֶערזַאמְלוּנְגֶען,
דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען מֵיינֶע פֵייעֶר טֶעג :
3 זֶעקְס טֶעג זָאל אַרְבֵּייט גֶעטְהוּן
וֶוערֶען, אָבֶּער אָן דֶעם זִיבֶּענְטֶען טָאג
אִיז אֵיין שַׁבָּת פוּן רוּהוּנְג, אֵיינֶע הֵיי־
לִיגֶע פֶערזַאמְלוּנְג, קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט
זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן, עֶס אִיז שַׁבָּת
צוּ גָאט, אִין אַלֶע אֵייעֶרֶע וְואוֹינוּנְגֶען :
4 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא פֵייעֶר טֶעג
פוּן גָאט, דִיא הֵיילִיגֶע פֶערזַאמְלוּנְגֶען
וָואס אִיהְר זָאלְט זֵייא אוֹיסרוּפֶען אִין
זֵייעֶרֶע גֶעזֶעצְטֶע צֵייטֶען :
5 אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען חוֹדֶשׁ אִין דֶעם
פִירְצֶעהְנְטֶען צוּ דֶעם חוֹדֶשׁ צְווִישֶׁען
דִיא אָבֶענְדֶען אִיז פֶּסַח צוּ גָאט :
6 אוּנְד אָן דֶעם פִינְפְצֶעהְנְטֶען טָאג
צוּ דֶעם דָאזִיגֶען חוֹדֶשׁ אִיז דִיא פֵייעֶרוּנְג
פוּן מַצּוֹת צוּ גָאט, זִיבֶּען טֶעג זָאלְט
אִיהְר עֶסֶען מַצּוֹת :
7 אָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג זָאל זֵיין
אֵיינֶע הֵיילִיגֶע פֶערזַאמְלוּנְג צוּ אֵייךְ,
קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט פוּן דִינְסְט זָאלְט
אִיהְר נִיט טְהוּן :
8 אוּנְד אִיהְר זָאלְט מַקְרִיב זֵיין אֵיין פֵייעֶר
אָפְּפֶער צוּ גָאט זִיבֶּען טֶעג, אִין דֶעם
זִיבֶּענְטֶען טָאג זָאל זֵיין אֵיינֶע הֵיילִיגֶע
פֶערזַאמְלוּנְג, קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט פוּן
דִינְסְט זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן :
9 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
10 רֵייד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, וֶוען אִיהְר
וֶועט קוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ
גִיבּ צוּ אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר וֶועט שְׁנֵיידֶען
זֵיין שְׁנִיט, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר בְּרֶענְגֶען
אֵיין עוֹמֶר פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְטֶען
פוּן אֵייעֶר שְׁנִיט צוּ דֶעם כֹּהֵן :
11 אוּנְד עֶר זָאל אוֹיפְהֵייבֶּען דֶעם
עוֹמֶר צוּ פַאר גָאט, פוּן וֶועגֶען אֵייעֶר
וָואהְל גֶעפַאלֶען, פוּן דֶעם מָארְגֶענְדִיגֶען
טָאג פוּן דֶעם שַׁבָּת, זָאל דֶער כֹּהֵן
עֶס אוֹיפְהֵייבֶּען :
12 אוּנְד אִיהְר זָאלְט מַקְרִיב זֵיין אָן דֶעם
טָאג אַז אִיהְר וֶועט אוֹיפְהֵייבֶּען דֶעם
עוֹמֶר אֵיין לַאם, אָהְן פֶעהְלֶער, אֵיין
יָאהְר אַלְט צוּ אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער צוּ
גָאט :


אוּנְד

13 אונד זֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער צְווייא
צֶעהְנטֶעל פון וָועמֶעל מֶעהל גֶעמִישְׁט
מִיט אֵייל, אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט, אֵיין
לִיבְּלִיכֶער גֶעשְׁמַאק, אונד זֵיינֶע גִיסוּנְג
אֵיין פִירְטֶעל הִין וויין:

14 אונד בְּרויט, אונד גֶעבְּרֶענְטֶע
זַאנְגֶען, אונד גְרִינֶע זַאנְגֶען זָאלְט אִיהְר
נִיט עֶסֶען בִּיז דֶעם גֶעמְלִיכֶען דָאזִיגֶען
טָאג, בִּיז אִיהְר וֶועט בְּרֶענְגֶען דָאס
אָפְּפֶער פון אֵייעֶר גָאט. עֶס זָאל זֵיין
אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ צוּ אַלֶע אֵייעֶרֶע
גֶעשְׁלֶעכְטֶער אִין אַלֶע אֵייעֶרֶע וְואוינוּנְגֶען:

15 אונד אִיהְר זָאלְט צֵיילֶען צוּ אֵייךְ
פון דֶעם מָארְגֶענְדִיגֶען טָאג פון שַׁבָּת,
וֶוען אִיהְר הָאט גֶעבְּרֶענְגְט דֶעם עוֹמֶר
פון דִיא אויפְהֵייבוּנְג, זִיבֶּען שַׁבָּתוֹת,
זֵייא זָאלֶען זֵיין גַאנְצֶע:

16 בִּיז צוּ דֶעם מָארגֶענְדִיגֶען טָאג
פון דֶעם זִיבֶּענְטֶען שַׁבָּת זָאלְט אִיהְר
צֵיילֶען פוּנְפְצֶעהְן טֶעג, אונד אִיהְר
זָאלְט מַקְרִיב זֵיין אֵיין נֵייעֶס שְׁפֵּייז
אָפְּפֶער צוּ גָאט:

17 פוּן אֵייעֶרֶע וְואוינוּנְגֶען זָאלְט אִיהְר
בְּרֶענְגֶען דָאס בְּרויט פון דִיא אויפ־
הֵייבוּנְג צְווייא (בְּרויט) פון צְווייא
צֶעהְנטֶעל, וָועמֶעל מֶעהְל זָאלֶען זֵייא
זֵיין, מִיט חָמֵץ זָאלֶען זֵייא גֶעבַּאקֶען
וֶוערֶען, זֵייא וֶוענֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע
פְּרוּכְט צוּ גָאט:

18 אונד אִיהְר זָאלְט מַקְרִיב זֵיין מִיט
דֶעם בְּרויט זִיבֶּען לֶעמֶער אָהְן פֶעהְלֶער,
אֵיין יָאהְר אַלְט, אונד אֵיין יוּנְגֶען
שְׁטִיעֶר, אונד צְווייא וִוידֶער, זֵייא זָאלֶען
זֵיין אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער צוּ גָאט, אונד
זֵיירֶע שְׁפֵּייז אָפְּפֶער אונד זֵיירֶע גִיסוּנְג,
אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער, אֵיין לִיבְּלִיכֶער
גֶעשְׁמַאק צוּ גָאט:

19 אונד אִיהְר זָאלְט מַאכֶען אֵיין
צִיגֶען בֶּעקֶעל צוּ אֵיין זִינְד אָפְּפֶער,
אונד צְווייא לֶעמֶער, אֵיין יָאהְר אַלְט,
צוּ אֵיין פְרִיד אָפְּפֶער:

20 אונד דֶער כֹּהֵן זָאל זֵייא אויפְהֵייבֶּען
מִיט דֶעם בְּרויט פון דִיא עֶרְשְׁטֶע
פְּרוּכְטֶען, אֵיינֶע אויפְהֵייבוּנְג צוּ פַאר
גָאט, מִיט דִיא צְווייא לֶעמֶער, זֵייא
זָאלֶען הֵיילִיג זֵיין צוּ גָאט, פַאר דֶעם כֹּהֵן:

21 אונד אִיהְר זָאלְט אויסרוּפֶען אִין
דֶעם גֶעמְלִיכֶען דָאזִיגֶען טָאג, עֶס זָאל
זֵיין אֵיינֶע הֵיילִיגֶע פֶערְזַאמְלוּנְג צוּ
אֵייךְ, קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט פון דִינְסְט
זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן, עֶס זָאל זֵיין
אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ אִין אַלֶע אֵייעֶרֶע
וְואוינוּנְגֶען צוּ אֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער:

22 אונד וֶוען אִיהְר שְׁנֵיידֶעט דֶעם
שְׁנִיט פון אֵייעֶר לַאנְד, זָאלְסְט דוּא
נִיט אִין גַאנְצֶען אָבְּשְׁנֵיידֶען דִיא ווינְקֶעל
פון דֵיין פֶעלְד, וֶוען דוּא שְׁנֵיידְסְט,
אונד דִיא קְלויבּוּנְג פון דֵיין שְׁנִיט
זָאלְסְט דוּא נִיט אויפקְלֵייבֶּען, צוּ דֶעם
אָרֶעמַאן אונד צוּ דֶעם פְרֶעמְדְלִינְג
זָאלְסְט דוּא זֵייא לָאזֶען, אִיךְ בִּין גָאט
אֵייעֶר גָאט:

23 אונד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

24 רֵייד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, אִין דֶעם זִיבֶּטֶען חוֹדֶשׁ, אִין
דֶעם עֶרְשְׁטֶען צוּ דֶעם חֹדֶשׁ, זָאל זֵיין
צוּ אֵייךְ אֵיינֶע רוּהוּנְג, דָאס גֶעדֶעכְטְנִיס
פון שַׁאלוּנְג (תְּרוּעָה), אֵיינֶע הֵיילִיגֶע
פֶערְזַאמְלוּנְג:

25 קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט פון דִינְסְט
זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן, אונד אִיהְר
זָאלְט גֶענֶעהֶנֶען אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער
צוּ גָאט:

26 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעטצוּ מֹשֶׁהאַזוֹי
צוּ זָאגֶען:
27 אוֹיךְ אָן דֶעם צֶעהְנְטֶען צוּ דֶעם
דָאזִיגֶען זִיבְּטֶען חֹדֶשׁ אִיז דֶער טָאג פוּן
פֶערזֶעהְנוּנְג (יוֹם הַכִּפֻּרִים), עֶס זָאל
אֵיינֶע הֵיילִיגֶע פֶערזַאמְלוּנְג זַיין צוּ
אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט פֵּיינִיגֶען אֵיירֶע
זֶעעֶלֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט גֶענֶעהְנֶען
אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט:
28 אוּנְד קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט זָאלְט
אִיהְר נִיט טהוּן אִין דֶעם גֶעמְלִיכֶען
דָאזִיגֶען טָאג, דֶען דָאס אִיז דֶער טָאג
פוּן פֶערזֶעהְנוּנְג, מְכַפֵּר צוּ זַיין אוֹיף
אֵייךְ, צוּ פַאר דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט:
29 דֶען אִיטְלִיכֶע זֶעעֶלֶע וָואס וֶועט
זִיךְ נִיט פְּלָאגֶען אִין דֶעם גֶעמְלִיכֶען
דָאזִיגֶען טָאג, אַזוֹי זָאל זִיא פֶערשְׁנִיטֶען
וֶוערֶען פוּן אִיהְר פָאלְק:
30 אוּנְד אִיטְלִיכֶע זֶעעֶלֶע וָואס וֶועט
טְהוּן אַלֶערְלֵייא אַרְבֵּייט אִין דֶעם גֶעמְ־
לִיכֶען דָאזִיגֶען טָאג, אַזוֹי וֶועל אִיךְ
פֶערְטִילִיגֶען דִיא זֶעלְבִּיגֶע זֶעעֶלֶע פוּן
צְוִוישֶׁען אִיהְר פָאלְק:
31 קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט זָאלְט אִיהְר
נִיט טְהוּן, עֶס זָאל זַיין אֵיין אֵייבִּיגֶעס
גֶעזֶעץ צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער אִין אַלֶע
אֵיירֶע וְואוֹינוּנְגֶען:
32 עֶס אִיז אֵיין שַׁבָּת פוּן רוּהוּנְג צוּ
אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט פֵּיינִיגֶען אֵיירֶע
זֶעעֶלֶען, אָן דֶעם נֵיינְטֶען צוּ דֶעם חֹדֶשׁ,
אִין דֶעם אָבֶענְד, פוּן אָבֶענְד בִּיז אָבֶענְד
זָאלְט אִיהְר רוּהֶען אֵייעֶר שַׁבָּת:
33 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
34 רֵייד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, אָן דֶעם פוּנְפְצֶעהְנְטֶען טָאג
צוּ דֶעם דָאזִיגֶען זִיבְּטֶען חֹדֶשׁ אִיז דִיא
פֵייעֶרוּנְג פוּן סֻכּוֹת, זִיבֶּען טֶעג צוּ
גָאט:
35 אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג זָאל זַיין
אֵיינֶע הֵיילִיגֶע פֶערזַאמְלוּנְג, קֵיינֶערְלֵייא
אַרְבֵּייט פוּן דִינְסְט זָאלְט אִיהְר נִיט
טְהוּן:
36 זִיבֶּען טֶעג זָאלְט אִיהְר גֶענֶעהְנֶען
אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט, אָן דֶעם
אַכְטֶען טָאג זָאל זַיין אֵיינֶע הֵיילִיגֶע
פֶערזַאמְלוּנְג צוּ אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט
גֶענֶעהְנֶען אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט,
עֶס אִיז עֲצֶרֶת, קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט פוּן
דִינְסְט זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן:
37 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא פֵייעֶרְטֶעג
פוּן גָאט, וָואס אִיהְר זָאלְט זֵייא אוֹיס־
רוּפֶען הֵיילִיגֶע פֶערזַאמְלוּנְגֶען, צוּ גֶע־
נֶעהְנֶען אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט,
אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד אֵיין שְׁפֵּייז
אָפְּפֶער, אֵיין שֶׁעכְט אָפְּפֶער, אוּנְד דִיא
גִיסוּנְגֶען, דִיא זַאךְ פוּן אִיטְלִיכֶען טָאג
אִין זַיין טָאג:
38 זוּנְדֶער דִיא שַׁבָּתוֹת פוּן גָאט, אוּנְד
זוּנְדֶער אֵיירֶע גָאבֶּען, אוּנְד זוּנְדֶער אַלֶע
אֵיירֶענְדָרִים אוּנְד זוּנְדֶער אַלֶע אֵיירֶע
פְרֵייוִוילִיגֶע אָפְּפֶער, וָואסאִיהְר וֶועט
גֶעבֶּען צוּ גָאט:
39 אוֹיךְ אָן דֶעם פוּנְפְצֶעהְנְטֶען טָאג
צוּ דֶעם זִיבְּטֶען חֹדֶשׁ, וֶוען אִיהְר אֵיינ־
זַאמֶעלְט דִיא תְּבוּאָה פוּן דֶעם לַאנְד,
זָאלְט אִיהְר פֵייעֶרֶען דִיא פֵייעֶר טֶעג
פוּן גָאט, זִיבֶּען טֶעג, אָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען
טָאג אִיז אֵיינֶע רוּהוּנְג אוּנְד אָן דֶעם
אַכְטֶען טָאג אִיז אֵיינֶע רוּהוּנְג:
40 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נֶעמֶען צוּ אֵייךְ
אָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פְרוּכְט פוּן אֵיין
שֵׁיינֶעם בּוֹים, בְּלֶעטֶער פוּן פַּאלְמֶען
בּוֹימֶער, אוּנְד אֵיין צְוַוייג פוּן אֵיין דִיק


געפלאכטענעם

גֶעפְלָאכְטֶענֶעם בּוים, אוּנְד עֲרָבוֹת פוּן
דֶעם בַּאךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ
פְרֵייעֶן צוּ פַאר דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט
זִיבֶּען טֶעג:
41 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אִיהְם פֵייעֶרְן
פֵייעֶרְטֶעג צוּ גָאט זִיבֶּען טֶעג אִין דֶעם
יָאהְר, עֶס זָאל זַיין אַיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ
צוּ אֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, אִין דֶעם זִיבְּטֶען
חֹדֶשׁ זָאלְט אִיהְר אִיהְם פֵייעֶרְן:
42 אִין סֻכּוֹת זָאלְט אִיהְר וְואוֹינֶען
זִיבֶּען טֶעג, אַלֶע אַיינגֶעבָּארֶענֶע אִין
יִשְׂרָאֵל זָאלֶען וְואוֹינֶען אִין סֻכּוֹת:
43 פוּן וֶועגֶען אַז זַיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער
זָאלֶען וִויסֶען אַז אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט
וְואוֹינֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אִין סוּכּוֹת,
וֶוען אִיךְ הָאבּ זֵייא אַרוֹיס גֶעבְּרֶענְגְט פוּן
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אִיךְ בִּין גָאט אֵייעֶר
גָאט:
44 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶערֶעט פוּן דִיא
פֵייעֶרְטֶעג פוּן גָאט צוּ דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל:

## קאפיטעל כד

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 בֶּעפֶעל דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַז זֵייא
זָאלֶען נֶעמֶען צוּ דִיר אֵייל פוּן אֵיילְבֶּער
בּוים צוּ שְׁטוֹיסֶען, צוּ דִיא בֶּעלֵייכְטוּנְג,
אָנְצוּצִינְדֶען דִיא בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶע לַאמְפּ:
3 אוֹיסֶענְוֶוייניג פוּן דֶעם פָּארְהַאנְג פוּן
צֵיינְנִיס, אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא
פֶערְזַאמְלוּנְג זָאל אַהֲרֹן עֶס אֵיינְרִיכְטֶען
פוּן אָבֶענְד בִּיז מָארְגֶען, צוּ פַאר גָאט,
בֶּעשְׁטֶענְדִיג, עֶס זָאל זַיין אַיין אֵייבִּיגֶעס
גֶעזֶעץ צוּ אֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער:
4 אוֹיף דֶעם רֵיינֶעם לֵייכְטֶער זָאל עֶר
אֵיינְרִיכְטֶען דִיא לָאמְפֶּען, צוּ פַאר גָאט,
בֶּעשְׁטֶענְדִיג:
5 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען זֶעמֶעל
מֶעל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֶערְפוּן בַּאקֶען
צְוֶועלְף חַלּוֹת, צְוֵוייא צֶעהְנְטֶעל זָאל
זַיין אֵיינֶע חַלָּה:
6 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא לֵייגֶען צְוֵוייא
אִין שׁוּרוֹת, זֶעקְס אִין אֵיין שׁוּרָה, אוֹיף
דֶעם רֵיינֶעם טִישׁ צוּ פַאר גָאט:
7 אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן אוֹיף דִיא שׁוּרָה
רֵיינֶעם וֵויירוֹיךְ, אוּנְד עֶס זָאל זַיין
צוּ דֶעם בְּרוֹיט צוּ אֵיין גֶעדֶעכְטְנִיס,
אֵיין פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט:
8 אִיטְלִיכֶען שַׁבָּת זָאל עֶר עֶס אֵיינ־
רִיכְטֶען צוּ פַאר גָאט בֶּעשְׁטֶענְדִיג, פוּן
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, עֶס אִיז אֵיין אֵייבִּ־
בִּיגֶער בּוּנְד:
9 אוּנְד עֶס זָאל זַיין צוּ אַהֲרֹן אוּנְד
צוּ זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד זֵייא זָאלֶען עֶס
עֶסֶען אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט, דֶען דָאס
אִיז גַאנְץ הֵיילִיג צוּ אִיהְם פוּן דִיא
פֵייעֶר אָפְּפֶער פוּן גָאט, עֶס זָאל זַיין
אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ:
10 אוּנְד עֶס אִיז אַרוֹיס גְעגַאנְגֶען דֶער
זוּהְן פוּן אֵיין וַוייבּ, אֵיינֶע יִשְׂרְאֵלִית,
אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער זוּהְן פוּן
אֵיין מַאן אֵיין מִצְרִי, אִין צְווִישֶׁען דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶס הָאבֶּען זִיךְ
גֶעקְרִיגְט, אִין דֶעם לַאגֶער דֶער זוּהְן פוּן
דִיא יִשְׂרְאֵלִית, אוּנְד אֵיין מַאן אֵיין יִשְׂרְאֵלִי:
11 אוּנְד דֶער זוּהְן פוּן דֶעם וַוייבּ
דִיא יִשְׂרְאֵלִית הָאט גֶעשָׁאלְטֶען דֶעם
שֵׁם אוּנְד עֶר הָאט גֶעפְלוּכְט, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרֶענְגְט צוּ משֶׁה, אוּנְד
דֶער נָאמֶען פוּן זַיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען
שְׁלוֹמִית, דִיא טָאכְטֶער פוּן דִבְרִי פוּן
דֶעם שֵׁבֶט דָן:
12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַרֵיינְגֶע־
זֶעצְט אִין הִיטוּנְג, בִּיז מֶען וֶועט אֵיינֶע

קְלָארֶע אַנְטוָארְט גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייא, נָאךְ
דֶעם וָוארְט נָאךְ פוּן גָאט :
13 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
14 בְּרֶענְג אַרוֹיס דֶעם פְלוּכֶער צוּ
אוֹיסֶענְוֶוענִיג צוּ דֶעם לַאגֶער, אוּנְד אַלֶע
וָואס הָאבֶּען גֶעהֶערְט זָאלֶען אַרוֹיף
לֵייגֶען זֵייעֶרֶע הֶענְד אוֹיף זַיין קָאפְּף,
אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע זָאלֶען אִיהְם
שְׁטֵיינִיגֶען :
15 אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלְסְט
דוּא רֵיידֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיטְלִיכֶער
מַאן וֶוען עֶר וֶועט פלוּכֶען זַיין גָאט,
אַזוֹי זָאל עֶר טְרָאגֶען זֵיינֶע שׁוּלְד :
16 אוּנְד דֶער וָואס שֶׁעלְט דֶעם נָאמֶען
פוּן גָאט זָאל גֶעוִויס גֶעטוֹיטֶעט וֶוערֶען,
דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע זָאלֶען אִיהְם
שְׁטֵיינִיגֶען, גְלֵייךְ אַז וִויא דֶער פְרֶעמְדר־
לִינְג אַזוֹי אוֹיךְ דֶער אֵיינְגֶעבָּארֶענֶער,
וֶוען עֶר וֶועט שֶׁעלְטֶען דֶעם שֵׁם אַזוֹי
זָאל עֶר גֶעטוֹיטֶעט וֶוערֶען :
17 אוּנְד וֶוען אֵיין מַאן וֶועט דֶערְר
שְׁלָאגֶען אֵיינֶע זֶעעלֶע פוּן מֶענְשֶׁען, עֶר
זָאל גֶעוִויס גֶעטוֹיטֶעט וֶוערֶען :
18 אוּנְד דֶער וָואס דֶערשְׁלָאגְט אֵיינֶע
זֶעעלֶע פוּן אֵיינֶע בְּהֵמָה זָאל עֶס
בֶּעצָאהְלֶען, זֶעעלֶע פַאר זֶעעלֶע :
19 אוּנְד וֶוען אֵיין מַאן וֶועט מַאכֶען
אֵיין גֶעבְּרֶעךְ (מוּם) אָן זַיין גֶעזֶועלֶען
גְלֵייךְ אַז וִויא עֶר הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי
זָאל עֶס גֶעטְהוּן וֶוערֶען צוּ אִיהְם :
20 גֶעבְּרֶעךְ פַאר גֶעבְּרֶעךְ, אוֹיג פַאר
אוֹיג, צָאהְן פַאר צָאהְן, גְלֵייךְ אַז וִויא
עֶר הָאט גֶעמַאכְט אֵיין גֶעבְּרֶעךְ אָן
דֶעם מֶענְשֶׁען אַזוֹי זָאל עֶס גֶעמַאכְט
וֶוערֶען אָן אִיהְם :
21 אוּנְד דֶער וָואס וֶועט שְׁלָאגֶען אֵיינֶע
בְּהֵמָה זָאל עֶס בֶּעצָאהְלֶען, אוּנְד דֶער
וָואס דֶערשְׁלָאגְט אֵיין מֶענְשׁ זָאל
גֶעטוֹיטֶעט וֶוערֶען :
22 אֵיין גֶערִיכְט זָאל זַיין צוּ אַייךְ, דֶער
פְרֶעמְדֶער זָאל זַיין גְלֵייךְ אַז וִויא דֶער
אֵיינְגֶעבָּארֶענֶער, דֶען אִיךְ בִּין דֶער
הַאר אֵייעֶר גָאט :
23 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערֶעט צוּ דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרוֹיס
גֶעבְּרֶענְגְט דֶעם פְלוּכֶער צוּ אוֹיסֶענְוֶוענִיג
צוּ דֶעם לַאגֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעשְׁטֵיינִיגְט מִיט שְׁטֵיינֶער, אוּנְד דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעטְהוּן גְלֵייךְ
אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה :

## בהר

## קאפיטעל כה

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
2 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ זֵייא, וֶוען אִיהְר
וֶועט קוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ
גִיב צוּ אַייךְ, אַזוֹי זָאל דָאס לַאנְד רוּהֶען
אֵיין שַׁבָּת צוּ גָאט :
3 זֶעקְס יָאהְר זָאלְסְט דוּא זֵייעֶן דַיין
פֶעלְד, אוּנְד זֶעקְס יָאהְר זָאלְסְט דוּא
שְׁנֵיידֶען דַיין וַויינְגָארְטֶען, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט אֵיינְזַאמְלֶען זַיין תְּבוּאָה :
4 אָבֶּער אִין דֶעם זִיבְּטֶען יָאהְר זָאל
זַיין אֵיין שַׁבָּת פוּן רוּהוּנְג צוּ דֶעם
לַאנְד, אֵיין שַׁבָּת צוּ גָאט, דוּא זָאלְסְט
נִיט זֵייעֶן דַיין פֶעלְד, אוּנְד דַיין וַויינ־
גָארְטֶען זָאלְסְט דוּא נִיט שְׁנֵיידֶען :
5 דָאס וִוידֶער וַואקְסוּנְג פוּן דַיין שְׁנִיט
זָאלְסְט דוּא נִיט אָבשְׁנֵיידֶען, אוּנְד דִיא
טְרוֹיבֶּען פוּן דַיינֶע אָבשֵׁיידוּנְג זָאלְסְט
דוּא נִיט אֵיינְזַאמְלֶען, עֶס זָאל זַיין אֵיין
יָאהְר פוּן רוּהוּנְג צוּ דֶעם לַאנְד :

אוּנְד

6 אוּנְד דִיא תְּבוּאָה פוּן דֶעם שַׁבָּת
פוּן דֶעם לַאנְד זָאל זַיין צוּ אֵייךְ צוּ
שְׁפֵּייז, צוּ דִיר אוּנְד צוּ דַיין קְנֶעכְט
אוּנְד צוּ דַיינֶע דִינְסְט מֵויד אוּנְד צוּ
דַיין גֶעדוּנְגֶענֶעם אוּנְד צוּ דַיין אֵיינְ־
וְואוֹינֶער, וָואס וְואוֹינֶען בֵּייא דִיר:
7 אוּנְד צוּ דַיינֶע בְּהֵמוֹת אוּנְד צוּ
דַיינֶע חַיוֹת וָואס זֶענֶען אִין דַיין לַאנְד,
זָאל זַיין אִיהְרֶע גַאנְצֶע תְּבוּאָה צוּ
עֶסֶען:
8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צֵיילֶען צוּ דִיר
זִיבֶּען שְׁמִיטוֹת פוּן יָאהְרֶען, זִיבֶּען יָאהְר
זִיבֶּען מָאל, אוּנְד דִיא טֶעג פוּן דִיא זִיבֶּען
שְׁמִיטוֹת פוּן יָאהְרֶען זָאלֶען זַיין צוּ דִיר
נַיין אוּנְד פֶערְצִיג יָאהְר:
9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט לָאזֶען אוֹיסְרוּפֶען
מִיט דֶעם שׁוֹפָר פוּן שַׁאלוּנְג (תְּרוּעָה) אִין
דֶעם זִיבְּטֶען חֹדֶשׁ, אִין דֶעם צֶעהְנְטֶען צוּ
דֶעם חֹדֶשׁ, אִין דֶעם טָאג פוּן דִיא
פֶערְזֶעהְנוּנְג (יוֹם הַכִּפֻּרִים) זָאלְט אִיהְר
לָאזֶען אוֹיסְרוּפֶען מִיט אַ שׁוֹפָר דוּרְךְ
אֵייעֶר גַאנְצֶעם לַאנְד:
10 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הֵיילִיגֶען
דָאס גַאנְצֶע פוּנְפְצִיגְסְטֶע יָאהְר,
אוּנְד אִיהְר זָאלְט אוֹיסְרוּפֶען בֶּעפְרֵייאוּנְג
אִין דֶעם לַאנְד צוּ אַלֶע זַיינֶע אֵיינְ־
וְואוֹינֶער, דָאס זָאל זַיין אֵיין יוֹבֵל צוּ
אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּרִיק קֶעהְרֶען
אִיטְלִיכֶער צוּ זַיין בֶּעזִיץ, אוּנְד אִיטְ־
לִיכֶער צוּ זַיין גֶעשְׁלֶעכְט זָאלְט אִיהְר
צוּרִיק קֶעהְרֶען:
11 דָאס גַאנְצֶע פוּנְפְצִיגְסְטֶע יָאהְר
זָאל זַיין בֵּייא אֵייךְ יוֹבֵל, אִיהְר זָאלְט
נִיט זֵייעֶן אוּנְד זָאלְט נִיט שְׁנֵיידֶען זַיינֶע
ווִידֶערְוואַקְסוּנְג, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט
זַאמְלֶען זַיינֶע אוּמְגֶעשְׁנִיטֶענֶע טְרוֹיבֶּען:
12 דֶען עֶס אִיז יוֹבֵל, עֶס זָאל זַיין
הֵיילִיג צוּ אֵייךְ, פוּן דֶעם פֶעלְד מֶעגְט
אִיהְר עֶסֶען זַיינֶע תְּבוּאָה:
13 אִין דֶעם דָאזִיגֶען יוֹבֵל יָאהְר זָאלְט
אִיהְר צוּרִיק קֶעהְרֶען אִיטְלִיכֶער צוּ זַיין
בֶּעזִיץ:
14 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט פֶערְקוֹיפֶען
אֵיינֶע פֶערְקוֹיפוּנְג צוּ דַיין גֶעזֶעלֶען
אָדֶער דוּא וֶועסְט קוֹיפֶען פוּן דִיא הַאנְד
פוּן דַיין גֶעזֶעלֶען, אִיהְר זָאלְט נִיט
נַארֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען:
15 נָאךְ דִיא צָאהְל נָאךְ פוּן דִיא
יָאהְרֶען פוּן תְּבוּאוֹת, זָאל עֶר פֶערְקוֹיפֶען
צוּ דִיר:
16 נָאךְ דִיא פִילְהֵייט נָאךְ פוּן דִיא
יָאהְרֶען זָאלְסְט דוּא מֶעהְרֶען זַיין קוֹיף
גֶעלְד, אוּנְד נָאךְ דִיא ווֵיינִיגְקֵייט נָאךְ
פוּן דִיא יָאהְרֶען זָאלְסְט דוּא מִינְדֶערֶען
זַיין קוֹיף גֶעלְד, דֶען נָאךְ דִיא צָאהְל פוּן
דִיא יָאהְרֶען פֶערְקוֹיפְט עֶר צוּ דִיר:
17 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט נַארֶען אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערֶען, אָבֶּער דוּא זָאלְסְט דִיךְ
פֶערְכְטֶען פַאר דַיין גָאט, דֶען אִיךְ בִּין
דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט:
18 אוּנְד אִיהְר זָאלְט טְהוּן מֵיינֶע גֶע־
זֶעצֶע, אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען מֵיינֶע
גֶערִיכְטֶע, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא טְהוּן,
אַז אִיהְר זָאלְט וְואוֹינֶען אוֹיף דֶעם לַאנְד
אִין זִיכֶערְהֵייט:
19 אוּנְד דָאס לַאנְד וֶועט גֶעבֶּען זַיינֶע
פְרוּכְט, אוּנְד אִיהְר וֶועט עֶסֶען צוּר זֶע־
טִיגְקֵייט, אוּנְד אִיהְר זָאלְט וְואוֹינֶען
אִין זִיכֶערְהֵייט דַארוֹיף:
20 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט זָאגֶען, וָואס
וֶועלֶען מִיר עֶסֶען אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען
יָאהְר, וֶועהְט מִיר זָאלֶען נִיט זֵייעֶן, אוּנְד
מִיר זָאלֶען נִיט אֵיינְזַאמְלֶען אוּנְזֶערֶע
תְּבוּאָה:

21 אַזוי װעל אִיךְ גֶעבּיטֶען מֵיינֶע בְּרָכָה צוּ אֵייךְ אִין דֶעם זֶעקְסְטֶען יָאהְר, אוּנְד עֶס װעט לָאזֶען װאַקְסֶען תְּבוּאָה פַאר דְרֵייא יָאהְר:

22 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייעֶן אִין דֶעם אַכְטֶען יָאהְר, אוּנְד אִיהְר זָאלְט עֶסֶען פוּן דִיא אַלְטֶע תְּבוּאָה בִּיז צוּ דֶעם נֵיינְטֶען יָאהְר, בִּיז אִיהְר תְּבוּאָה װעט אָנקוּמֶען זָאלְט אִיהְר דָאס אַלְטֶע עֶסֶען:

23 אוּנְד דָאס לַאנְד זָאל נִיט פֶערקוֹיפְט װערֶען אוֹיף אֵייבִּיג, װָארִין דָאס לַאנְד אִיז מֵיין, דֶען אִיהְר זֵייט פְרֶעמְדְלִינְגֶע אוּנְד אֵיינְוואוֹינֶער בֵּייא מִיר:

24 אוּנְד אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד פוּן אֵייעֶר בֶּעזִיץ זָאלְט אִיהְר גֶעבֶּען אֵיינֶע דֶערלֵייזוּנְג צוּ דֶעם לַאנְד:

25 װען דֵיין בְּרוּדֶער װעט פֶעראָרֶעמְט װערֶען, אוּנְד עֶר װעט פֶערְקוֹיפֶען פוּן זֵיין בֶּעזִיץ, אַזוי זָאל זֵיין גוֹאֵל קוּמֶען דֶער נָאהְנְטֶער פְרֵיינְד פוּן אִיהֶם, אוּנְד עֶר זָאל אוֹיסְלֵייזֶען דִיא פֶערקוֹיפוּנְג פוּן זֵיין בְּרוּדֶער:

26 אוּנְד אֵיין מַאן, װען עֶר װעט נִיט הָאבֶּען קֵיין גוֹאֵל, אוּנְד זֵיינֶע הַאנְד װעט גֶערֵייכֶען אוּנְד עֶר װעט גֶעפִינֶען גֶענוּג עֶס אוֹיסְצוּלֵייזֶען:

27 אַזוי זָאל עֶר צֵיילֶען דִיא יָאהְרֶען פוּן זֵיינֶע פֶערְקוֹיפוּנְג, אוּנְד עֶר זָאל צוּרִיק גֶעבֶּען דָאס אִיבְּרִיגֶע צוּ דֶעם מַאן װָאס עֶר הָאט פֶערְקוֹיפְט צוּ אִיהֶם, אוּנְד עֶר זָאל צוּרִיק קֶעהְרֶען צוּ זֵיין בֶּעזִיץ:

28 אָבֶּער װען זֵיינֶע הַאנְד הָאט נִיט גֶעפוּנֶען גֶענוּג אִיהֶם צוּרִיק צוּ קֶעהְרֶען, אַזוי זָאל זֵיינֶע פֶערקוֹיפוּנְג זֵיין אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם װָאס הָאט עֶס גֶעקוֹיפְט בִּיז דֶעם יוֹבֵל יָאהְר, אוּנְד עֶס זָאל אַרוֹיסְגֵיין אִין דֶעם יוֹבֵל אוּנְד עֶר זָאל צוּרִיק קֶעהְרֶען צוּ זֵיין בֶּעזִיץ:

29 אוּנְד אֵיין מַאן, װען עֶר װעט פֶערקוֹיפֶען אֵיין װאוֹינְהוֹיז אִין אֵיינֶער שְׁטָאט מִיט אֵיינֶע מוֹיעֶר, אַזוי זָאל זֵיינֶע אוֹיסלֵייזוּנְג זֵיין בִּיז דָאס יָאהְר פוּן זֵיינֶע פֶערקוֹיפוּנְג לָאזְט זִיךְ אוֹיס, אֵיין גַאנְצֶעס יָאהְר זָאל זֵיינֶע אוֹיסְלֵייזוּנְג זֵיין:

30 אוּנְד װען עֶס װעט נִיט אוֹיסְגֶעלֵייזְט װערֶען בִּיז אַז עֶס הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזֶען זֵיין גַאנְצֶעס יָאהְר, אַזוי זָאל דָאס הוֹיז בֶּעשְׁטֶעטִיגְט װערֶען, װָאס אִיז אִין דֶער שְׁטָאט װָאס הָאט אֵיינֶע מוֹיעֶר, אוֹיף אֵייבִּיג צוּ דֶעם װָאס הָאט עֶס גֶעקוֹיפְט, צוּ זֵיינֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, עֶס זָאל נִיט אַרוֹיס גֵיין אִין דֶעם יוֹבֵל:

31 אָבֶּער דִיא הֵייזֶער פוּן דִיא דֶערְפֶער װָאס הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע מוֹיעֶר רִינְגְס אַרוּם, זָאלֶען גֶעהַאלְטֶען װערֶען פַאר דָאס פֶעלְד פוּן דֶעם לַאנְד, עֶס זָאל זֵיין אֵיינֶע אוֹיסְלֵייזוּנְג צוּ אִיהֶם, אוּנְד אִין דֶעם יוֹבֵל זָאל עֶס אַרוֹיס גֵיין:

32 אָבֶּער דִיא שְׁטֶעט פוּן דִיא לְוִיִּם דִיא הֵייזֶער פוּן דִיא שְׁטֶעט פוּן זֵייעֶר בֶּעזִיץ, זָאל זֵיין אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע אוֹיסלֵייזוּנְג צוּ דִיא לְוִיִּם:

33 אוּנְד װען אֵיינֶער װעט קוֹיפֶען פוּן דִיא לְוִיִּם, אַזוי זָאל דִיא פֶערקוֹיפוּנְג פוּן דֶעם הוֹיז, אוּנְד דִיא שְׁטָאט פוּן זֵיין בֶּעזִיץ אַרוֹיסגֵיין אִין דֶעם יוֹבֵל, דֶען דִיא הֵייזֶער פוּן דִיא שְׁטֶעט פוּן דִיא לְוִיִּם אִיז זֵייעֶר בֶּעזִיץ אִין צְוִוישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:

34 אוּנְד דָאס פֶעלְד פוּן זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט זָאל נִיט פֶערקוֹיפְט װערֶען, דֶען עֶס אִיז אֵיין אֵייבִּיגֶער בֶּעזִיץ צוּ זֵייא:

35 אוּנְד װען דֵיין בְּרוּדֶער װעט פֶער־



ארעמט

אָרֶעמְט וֶוערֶען, אוּנְד זַיינֶע הַאנְד וֶועט שְׁוואַך וֶוערֶען בֵּייא דִיר, אַזוֹי זָאלְסְטוּ אִיהְם שְׁטֶערְקֶען, אַיין פְּרֶעמְדלִינְג אָדֶער אַיין אַיינְוואוינֶער, אַז עֶר זָאל לֶעבֶּען בֵּייא דִיר:

36 דוּא זָאלְסְט נִיט נֶעמֶען פוּן אִיהְם נֶשֶׁךְ אָדֶער מֶעהְרוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ פָּארְכְטֶען פָאר דֵיין גָאט, אַז דֵיין בְּרוּדֶער זָאל לֶעבֶּן בֵּייא דִיר:

37 דֵיין גֶעלְד זָאלְסְטוּ נִיט גֶעבֶּען צוּ אִיהְם אוֹיף נֶשֶׁךְ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט גֶעבֶּען דֵיינֶע שְׁפֵּייז אוֹיף מֶעהְרוּנְג:

38 אִיךְ בִּין יְהוָֹה אֵייעֶר גָאט וָואס הָאט אֵייךְ אַרוֹיסגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרָיִם, צוּ גֶעבֶּען צוּ אֵייךְ דָאס לַאנְד כְּנַעַן, צוּ זַיין צוּ אֵייךְ אַ גָאט:

39 אוּנְד וֶוען דֵיין בְּרוּדֶער וֶועט פֶער־אָרֶעמְט וֶוערֶען בֵּייא דִיר, אוּנְד וֶועט זִיךְ פֶערקוֹיפֶען צוּ דִיר זָאלְסְטוּ נִיט מִיט אִיהְם אַרבֵּייטֶען דֶעם דִינְסְט פוּן אַ קְנֶעכְט:

40 גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אַיין גֶעדוּנְגֶענֶער, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אַיין אַיינְוואוינֶער זָאל עֶר זַיין בֵּייא דִיר, בִּיז צוּ דֶעם יוֹבֵל יָאהְר זָאל עֶר דִינֶען בֵּייא דִיר:

41 אוּנְד עֶר זָאל אַרוֹיס גֵיין פוּן דִיר, עֶר אוּנְד זַיינֶע קִינְדֶער מִיט אִיהְם אוּנְד עֶר זָאל צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ זַיין גֶעשְׁלֶעכְט, אוּנְד צוּ דֶעם בֶּעזִיץ פוּן זַיינֶע פֶּעטֶער זָאל עֶר צוּרִיקְקֶעהְרֶען:

42 וָוארִין זַייא זֶענֶען מֵיינֶע קְנֶעכְט, וָואס אִיךְ הָאבּ זַייא אַרוֹיסגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרָיִם, זַייא זָאלֶען נִיט פֶּערקוֹיפְט וֶוערֶען גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דִיא פֶּערְקוֹיפוּנְג פוּן אַ קְנֶעכְט:

43 דוּא זָאלְסְט נִיט גֶעוועלְטִיגֶען אִיבֶּער אִיהְם מִיט הַאפְטִיגְקֵייט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ פָּארְכְטֶען פָאר דֵיין גָאט:

44 אוּנְד דֵיין קְנֶעכְט אוּנְד דֵיינֶע דִינְסְט מוֹיד וָואס וֶועלֶען זַיין צוּ דִיר פוּן דִיא פֶעלְקֶער וָואס זֶענֶען אוּם אֵייךְ רִינְגְס אַרוּם, פוּן זַייא זָאלְט אִיהְר קוֹיפֶען אַיין קְנֶעכְט אוּנְד אַיינֶע דִינְסְט מוֹיד:

45 אוּנְד אוֹיךְ פוּן דִיא זִיהְן פוּן דִיא אַיינְוואוינֶער וָואס וואוינֶען בֵּייא אֵייךְ וָואס זַייא גֶעווינֶען אִין אֵייעֶר לַאנְד, פוּן זַייא מֶענְט אִיהְר קוֹיפֶען, אוּנְד פוּן זֵייעֶר מִשְׁפָּחָה וָואס זֶענֶען מִיט אֵייךְ, זַייא זָאלֶען צוּ אֵייךְ זַיין צוּ אַיין בֶּעזִיץ:

46 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זַייא מַאכֶען עֶרְ־בֶּען צוּ אֵייעֶרֶע קִינְדֶער נָאךְ אֵייךְ, צוּ עֶרְבֶּען אַיין בֶּעזִיץ, אֵייבִּיג זָאלְט אִיהְר מִיט זַייא אַרְבֵּייטֶען, אָבֶּער אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אַיינֶער אִיבֶּער דֶעם אַנְדֶערֶען זָאלְסְטוּ נִיט גֶעוועלְטִיגֶען אִיבֶּער אִיהְם מִיט הַארְ־טִיגְקֵייט:

47 אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט גֶערֵייכֶען דִיא הַאנְד פוּן אַיין פְּרֶעמְדלִינְג אָדֶער פוּן אַיין אַיינְוואוינֶער בֵּייא דִיר, אוּנְד דֵיין בְּרוּדֶער וֶועט פֶעראָרֶעמְט וֶוערֶען בֵּייא אִיהְם, אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ פֶערְקוֹיפֶען צוּ דֶעם פְּרֶעמְדלִינְג וָואס אִיז אַיין אַיינְ־וואוינֶער בֵּייא דִיר, אָדֶער צוּ דֶעם וָואס קוֹמְט אַרוֹיס פוּן דֶעם גֶעשְׁלֶעכְט פוּן דֶעם פְּרֶעמְדלִינְג:

48 נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט זִיךְ פֶערְקוֹיפְט, זָאל עֶס זַיין אַיין אוֹיסלֵייזוּנְג צוּ אִיהְם, אַיינֶער פוּן זַיינֶע בְּרִידֶער זָאל אִיהְם אוֹיסלֵייזֶען:

49 עֶנְטוֶועדֶער זַיין פֶּעטֶער אָדֶער דֶער זוּהְן פוּן זַיין פֶּעטֶער זָאל אִיהְם אוֹיס לֵייזֶען, אָדֶער זַיין נָאהְנְטֶער פְרֵיינְד פוּן זַיין גֶעשְׁלֶעכְט זָאל אִיהְם אוֹיסלֵייזֶען, אָדֶער וֶוען זַיינֶע הַאנְד וֶועט גֶערֵייכֶען,

אזוי

אַזוֹי זָאל עֶר זִיךְ אַלֵיין אוֹיסלֵייזֶען׃
50 אוּנְד עֶר זָאל רֶעכְנֶען מִיט זַיין
קוֹיפֶער פוּן דֶעם יָאהְר אָן אַז עֶר הָאט
זִיךְ פֶערְקוֹיפְט צוּ אִיהְם, בִּיז צוּ דֶעם יוֹבֵל
יָאהְר, אוּנְד דָאס גֶעלְד פוּן זַיינֶע פֶערְ־
קוֹיפוּנְג זָאל זַיין נָאךְ דִיא צָאהְל נָאךְ פוּן
דִיא יָאהְרֶען, גְלֵייךְ וְויא דִיא טֶעג פוּן
אַיין גֶעדוּנְגֶענֶעם זָאל עֶר זַיין בֵּייא אִיהְם׃
51 וֶוען פִילֶע יָאהְרֶען וֶועלֶען נָאךְ אִיבְּרִיג,
אַזוֹי זָאל עֶר צוּרִיק גֶעבֶּען נָאךְ זֵייעֶר
עֶרֶךְ נָאךְ זַיינֶע אוֹיסלֵייזוּנְג פוּן דֶעם גֶעלְד
פוּן זַיינֶע קוֹיפוּנְג׃
52 אוּנְד וֶוען זַיינֶע יָאהְרֶען וֶועלֶען
וֶוינְצִיג בִּיז דֶעם יוֹבֵל יָאהְר, אַזוֹי זָאל
עֶר רֶעכְנֶען צוּ אִיהְם, נָאךְ דֶעם עֶרֶךְ
פוּן זַיינֶע יָאהְרֶען זָאל עֶר צוּרִיק גֶעבֶּען
זַיינֶע אוֹיסלֵייזוּנְג׃
53 גְלֵייךְ אַזוֹי וְויא אַיין גֶעדוּנְגֶענֶער פוּן
יָאהְר צוּ יָאהְר זָאל עֶר זַיין בֵּייא אִיהְם,
עֶר זָאל אִיבֶּער אִיהְם נִיט גֶעוֶועלְטִיגֶען
מִיט הַארְטִיגְקֵייט צוּ פָאר דֵיינֶע אוֹיגֶען׃
54 אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט נִיט אוֹיסגֶעלֵייזְט
וֶוערֶען אוֹיף אַזוֹי אַיין אַרְט, אַזוֹי זָאל
עֶר אַרוֹיס גֵיין אִין דֶעם יוֹבֵל יָאהְר, עֶר
אוּנְד זַיינֶע קִינְדֶער מִיט אִיהְם׃
55 וָוארִין דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וֶועלֶען
קְנֶעכְט צוּ מִיר, זֵייא וֶועלֶען מֵיינֶע קְנֶעכְט,
וָואס אִיךְ הָאבּ זֵייא אַרוֹיסגֶעבְּרֶענְגְט
פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אִיךְ בִּין יְהֹוָה
אֵייעֶר גָאט׃

## קאפיטל כו

א אִיהְר זָאלְט נִיט מַאכֶען צוּ אֵייךְ
אָבְּגֶעטֶער, אוּנְד קֵיין פֶּסֶל אוּנְד קֵיין
מַצֵּבָה זָאלְט אִיהְר נִיט אוֹיפְשְׁטֶעלֶען
צוּ אֵייךְ, אוּנְד אַיין בִּילְד פוּן שְׁטֵיין
זָאלְט אִיהְר נִיט מַאכֶען אִין אֵייעֶר לַאנְד
אוּם זִיךְ צוּ בִּיקֶען דֶערְצוּ, וָוארִין אִיךְ
בִּין יְהוָה אֵייעֶר גָאט׃
2 מֵיינֶע שַׁבָּתִים זָאלְט אִיהְר הִיטֶען,
אוּנְד מֵיין הֵיילִיגְטוּם (מִקְדָּשִׁי) זָאלְט
אִיהְר פָארְכְטֶען אִיךְ בִּין יְהֹוָה׃

## בחוקתי

3 וֶוען אִיהְר וֶועט גֵיין נָאךְ מֵיינֶע
גֶעזֶעצֶע נָאךְ, אוּנְד אִיהְר וֶועט הִיטֶען
מֵיינֶע גֶעבָּאטֶע, אוּנְד אִיהְר וֶועט זֵייא
טְהוּן׃
4 אַזוֹי וֶועל אִיךְ אֵייעֶרֶע רֶעגֶען גֶעבֶּען
אִין זֵייעֶרֶע צֵייט, אוּנְד דָאס לַאנְד זָאל
גֶעבֶּען זַיינֶע פְּרוּכְט, אוּנְד דֶער בוֹים
פוּן דֶעם פֶעלְד וֶועט גֶעבֶּען זַיינֶע פְּרוּכְט׃
5 אוּנְד אֵייעֶרֶע דְרֶעשׁ צֵייט וֶועט גֶערֵיי־
כֶען צוּ דֶער הֶערְבְּסְט צֵייט, אוּנְד דִיא
הֶערְבְּסְט צֵייט וֶועט גֶערֵייכֶען צוּ דֶער
צֵייט פוּן זֵייעֶן, אוּנְד אִיהְר זָאלְט עֶסֶען
אֵייעֶר בְּרוֹיט צוּ זֶעטִיגְקֵייט, אוּנְד אִיהְר
זָאלְט וְואוֹינֶען זִיכֶערלִיךְ אִין אֵייעֶר לַאנְד׃
6 אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען פְרִידֶען אִין
דֶעם לַאנְד, אוּנְד אִיהְר זָאלְט לִיגֶען
אוּנְד קֵיינֶער וֶועט אֵייךְ נִיט דֶערשְׁרֶעקֶען,
אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְטְרֵייבֶּען דִיא בֵּייזֶע
חַיוֹת פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד דָאס שְׁוֶוערְט
זָאל נִיט אִיבֶּערפָאהְרֶען אִין אֵייעֶר לַאנְד׃
7 אוּנְד אִיהְר זָאלְט יָאגֶען אֵייעֶרֶע פֵיינְט,
אוּנְד זֵייא זָאלֶען פַאלֶען צוּ פָאר אֵייךְ
דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְט׃
8 אוּנְד פִינְף פוּן אֵייךְ זָאלֶען יָאגֶען
הוּנְדֶערְט, אוּנְד הוּנְדֶערְט פוּן אֵייךְ
זָאלֶען יָאגֶען צֶעהְן טוֹיזֶענְט, אוּנְד אֵייעֶרֶע
פֵיינְד זָאלֶען פַאלֶען צוּ פָאר אֵייךְ דוּרְךְ
דֶעם שְׁוֶוערְט׃
9 אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ קֶעהְרֶען צוּ
אֵייךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ פְּרוּכְטבַּאר
מַאכֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ מֶעהְרֶען,
אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען מֵיין בּוּנְד
מִיט אֵייךְ׃
10 אוּנְד אִיהְר זָאלְט דִיא אַלְטֶע פְּרוּכְט

עֶסְּעֶן, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אַרוֹיס בְּרֶענְגֶען דָאס אַלְטֶע פוּן וֶועגֶען דֶעם נֵייֶעם:

11 אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען מֵיין מִשְׁכָּן אִין צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד מֵיינֶע זֶעלֶע זָאל אֵייךְ נִיט פֶערְאוּמְוִוירְדִיגֶען:

12 אוּנְד אִיךְ וֶועל אַרוּמְגֵיין צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַיין צוּ אֵייךְ צוּ אַ גָאט, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זַיין צוּ מִיר צוּ אַ פָאלְק:

13 אִיךְ בִּין יְהוָֹה אֵייעֶר גָאט, וָואס אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אַרוֹיס גֶעבְּרֶענְגְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, פוּן צוּ זַיין קְנֶעכְט צוּ זֵייא, אוּנְד אִיךְ הָאבּ צֶערְבְּרָאכֶען דִיא שְׁטַאנְגֶען פוּן אֵייעֶר יָאךְ, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעפִיהְרְט אוֹיפְגֶערִיכְטֶעט:

14 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט הָארְכֶען צוּ מִיר, אוּנְד אִיהְר וֶועט נִיט טְהוּן אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע גֶעבָּאטֶע (מִצְוֹת):

15 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט פֶערְאַכְטֶען מֵיינֶע גֶעזֶעצֶע, אוּנְד וֶוען אֵיירֶע זֶעלֶע וֶועט פֶערְאוּמְוִוירְדִיגֶען מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, נִיט צוּ טְהוּן אַלֶע מֵיינֶע מִצְוֹת נֵייעֶרְט אִיהְר וֶועט פֶערְשְׁטֶערֶען מֵיין בּוּנְד:

16 אַזוֹי וֶועל אִיךְ טְהוּן דָאס דָאזִיגֶע צוּ אֵייךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל בְּרֶענְגֶען אוֹיף אֵייךְ דֶעם שְׁרֶעקֶען, דִיא שְׁוִוינְדזוּכְט, אוּנְד דָאס קַדַחַת, וָואס פֶערְדֶערְבְּט דִיא אוֹיגֶען, אוּנְד וָואס פֶערְשְׁמַאכְט דִיא זֶעלֶע, אוּנְד אִיהְר וֶועט זֵייעֶן אֵייעֶר זָאמֶען אוּמזוּנְסְט, וָוארִין אֵיירֶע פֵיינְד וֶועלֶען עֶס עֶסֶען:

17 אוּנְד אִיךְ וֶועל טְהוּן מֵיין אָנְגֶעזִיכְט קֶעגֶען אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט גֶעשְׁלָאגֶען וֶוערֶען פַאר אֵיירֶע פֵיינְד, אוּנְד אֵיירֶע פֵיינְד זָאלֶען גֶעוֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אַנְטלוֹיפֶען וֶוען קֵיינֶער וֶועט אֵייךְ נִיט יָאגֶען:

18 אוּנְד וֶוען נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען אִיהְר וֶועט נִיט הָארְכֶען צוּ מִיר, אַזוֹי וֶועל אִיךְ מֶעהְרֶען אֵייךְ צוּ שְׁטְרָאפֶען נָאךְ זִיבֶּען מָאל, פוּן וֶועגֶען אֵיירֶע זִינְד:

19 אוּנְד אִיךְ וֶועל בְּרֶעכֶען דֶעם שְׁטָאלְץ פוּן אֵיירֶע שְׁטַארְקְהֵייט, אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען אֵיירֶע הִימֶעל גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אֵייזֶען, אוּנְד אֵיירֶע עֶרְדֶע גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא קוּפְּפֶער:

20 אוּנְד אֵיירֶע קְרַאפְט זָאל אוּמְזָאנְסְט פֶערְגֵיין, אוּנְד אֵייעֶר לַאנְד וֶועט נִיט גֶעבֶּען זַיינֶע פְּרוּכְט, אוּנְד דֶער בּוֹים פוּן דֶעם לַאנְד וֶועט נִיט גֶעבֶּען זַיינֶע פְּרוּכְט:

21 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט גֵיין מִיר צוּ וִוידֶער, אוּנְד אִיהְר וֶועט נִיט וֶועלֶען הָארְכֶען צוּ מִיר, אַזוֹי וֶועל אִיךְ מֶעהְרֶען אוֹיף אֵייךְ דִיא פְּלָאג זִיבֶּען מָאל, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אֵיירֶע זִינְד:

22 אוּנְד אִיךְ וֶועל שִׁיקֶען צְוִוישֶׁען אֵייךְ דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ בֶּערוֹיבֶּען פוּן קִינְדֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען פֶערְשְׁנֵיידֶען אֵיירֶע בְּהֵמוֹת, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ מַאכֶען וֵוייניג, אוּנְד אֵיירֶע וֶועגֶען וֶועלֶען פֶערְוִויסְט וֶוערֶען:

23 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט אֵייךְ נִיט לָאזֶען שְׁטְרָאפֶען צוּ מִיר מִיט דִיא דָאזִיגֶע, אוּנְד אִיהְר וֶועט גֵיין מִיר צוּ וִוידֶער:

24 אַזוֹי וֶועל אִיךְ אוֹיךְ גֵיין אֵייךְ צוּ וִוידֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ אוֹיךְ שְׁלָאגֶען זִיבֶּען מָאל פוּן וֶועגֶען אֵיירֶע זִינְד:

25 אוּנְד אִיךְ וֶועל בְּרֶענְגֶען אוֹיף אֵייךְ אֵיין רַאכֶענְדִיגֶעס שְׁוֶוערְט וָואס וֶועט זִיךְ נוֹקֵם זַיין וֶועגֶען דֶעם בּוּנְד, אוּנְד אִיהְר וֶועט אֵייךְ פֶערְזַאמְלֶען צוּ אֵיירֶע שְׁטֶעט, אוּנְד אִיךְ וֶועל שִׁיקֶען דִיא פֶּעסְט

אין

אִין צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין דֶער הַאנְד פוּן דֶעם פֵיינְד:

26 וֶוען אִיךְ וֶועל צֶערבְּרֶעכֶען דֶעם שְׁטֶעקֶען פוּן בְּרוֹיט, אוּנְד צֶעהְן וַוייבֶּער וֶועלֶען בַּאקֶען אֵייעֶר בְּרוֹיט אִין אֵיין אוֹיוֶוען אוּנְד וֶועלֶען וִוידֶער קֶעהְרֶען אֵייעֶר בְּרוֹיט מִיט גֶעוִויכְט, אוּנְד אִיהְר וֶועט עֶסֶען, אָבֶּער אִיהְר וֶועט נִיט זַאט וֶוערֶען:

27 אוּנְד וֶוען מִיט דֶעם דָאזִיגֶען אִיהְר וֶועט נִיט הָארְכֶען צוּ מִיר, אוּנְד אִיהְר וֶועט גֵיין מִיר צוּ וִוידֶער:

28 אַזוֹי וֶועל אִיךְ גֵיין מִיט גְרִימְצָארֶען אֵייךְ צוּ וִוידֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ שְׁטְרָאפֶען זִיעבֶּען מָאל פוּן וֶועגֶען אֵיירֶע זִינְד:

29 אוּנְד אִיהְר זָאלְט עֶסֶען דָאס פְלֵייש פוּן אֵיירֶע זִיהְן, אוּנְד דָאס פְלֵייש פוּן אֵיירֶע טֶעכְטֶער זָאלְט אִיהְר עֶסֶען:

30 אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְטִילְגֶען אֵיירֶע בָּמוֹת, אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְשְׁנֵיידֶען אֵיירֶע זוּן־בִּילְדֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל טְהוּן אֵיירֶע פְּגָרִים אוֹיף דִיא פְּגָרִים פוּן אֵיירֶע אָבְּגֶעטֶער, אוּנְד מֵיינֶע זֶעלֶע וֶועט אֵייךְ פֶערְאוּמְווִירְדִיגֶען:

31 אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען אֵיירֶע שְׁטֶעט צוּ פֶערְשְׁטֶערוּנְג, אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְוִויסְטֶען אֵיירֶע הֵיילִיגְקֵייטֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט שְׁמֶעקֶען אֵייעֶר לִיבְּלִיכֶען גֶעשְׁמַאק:

32 אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְוִויסְטֶען דָאס לַאנְד, אוּנְד עֶס זָאלֶען זִיךְ דַארִיבֶּער פֶערְוואוּנְדֶערֶען אֵיירֶע פֵיינְד וָואס וְואוֹינֶען דְרִינֶען:

33 אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ צוּשְׁפְּרֵייטֶען אוּנְטֶער דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל אַרוֹיסְצִיהֶען אַ שְׁוֶוערְט נָאךְ אֵייךְ, אוּנְד אֵייעֶר לַאנְד זָאל זַיין וִויסְט, אוּנְד אֵיירֶע שְׁטֶעט זָאלֶען זַיין פֶערְשְׁטֶערְט:

34 דֶענְסְטְמָאל וֶועט דָאס לַאנְד בֶּעוִוילִיגֶען זַיינֶע שַׁבָּתִים אַלֶע טֶעג פוּן דֶער פֶערְוִויסְטוּנְג, אוּנְד אִיהְר וֶועט זַיין אִין דֶעם לַאנְד פוּן אֵיירֶע פֵיינְד, דֶענְסְטְמָאל וֶועט דָאס לַאנְד רוּהֶען, אוּנְד עֶס וֶועט בֶּעוִוילִיגֶען זַיינֶע שַׁבָּתִים:

35 אַלֶע טֶעג פוּן דֶער פֶערְוִויסְטוּנְג זָאל עֶס רוּהֶען, וַוייל עֶס הָאט נִיט גֶערוּהְט אִין אֵיירֶע שַׁבָּתִים וֶוען אִיהְר הָאט דָארוֹיף גֶעוְואוֹינְט:

36 אוּנְד אוֹיף דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן אֵייךְ, וֶועל אִיךְ בְּרֶענְגֶען שְׁמַאכְהַאפְטִיג־קֵייט אִין זֵייעֶר הֶערְץ, אִין דִיא לֶענְדֶער פוּן זֵיירֶע פֵיינְד, אוּנְד דִיא שְׁטִימֶע פוּן אֵיין שָׁאקֶעלְנְדֶעס בְּלַאט וֶועט זֵייא יָאגֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אַנְטְלוֹיפֶען גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא מַאן אַנְטְלוֹיפְט פוּן אֵיין שְׁוֶוערְט אוּנְד זֵייא וֶועלֶען פַאלֶען וֶוען קֵיינֶער וֶועט נִיט יָאגֶען:

37 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ שְׁטְרוֹיכְלֶען אֵיינֶער אִין דֶעם אַנְדֶערֶען, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא פַאר אֵיין שְׁוֶוערְט, אוּנְד קֵיינֶער וֶועט נִיט יָאגֶען, אוּנְד עֶס וֶועט נִיט זַיין צוּ אֵייךְ קֵיין בֶּעשְׁטַאנְד צוּ פָאר אֵיירֶע פֵיינְד:

38 אוּנְד אִיהְר וֶועט אוּמְקוּמֶען אוּנְטֶער דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד דָאס לַאנְד פוּן אֵיירֶע פֵיינְד וֶועט אֵייךְ פְרֶעסֶען:

39 אוּנְד דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע אוּנְטֶער אֵייךְ וֶועלֶען פֶערְגֵיין וֶועגֶען זֵיירֶע זִינְד, אִין דִיא לֶענְדֶער פוּן אֵיירֶע פֵיינְד, אוּנְד אוֹיךְ וֶועגֶען דִיא זִינְד פוּן זֵיירֶע פֶעטֶער, מִיט זֵייא וֶועלֶען זֵייא פֶערְגֵיין:

40 אוּנְד זֵייא זָאלֶען מִתְוַדֶה זַיין זֵייעֶרֶע
זִינְד אוּנְד דִיא מִיסְסֶעטַאהְט פוּן
זֵייעֶרֶע פֶעטֶער, אוּנְד זֵייעֶרֶע אִיבֶּער־
טְרֶעטוּנְג וָואס זֵייא הָאבֶּען אִיבֶּער
טְרֶעטֶען קֶעגֶען מִיר, אוּנְד אוֹיךְ וִויא
זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען מִיר צוּ ווִידֶער:
41 אוֹיךְ וִויא אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען זֵייא צוּ
ווִידֶער, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעבְּרַאכְט
אִין דֶעם לַאנְד פוּן זֵייעֶרֶע פֵּיינְד, וֶוען
דֶענְסְטְמָאל זֵייעֶר פֶערְשְׁטָאפְּטֶעס הֶערְץ
וֶועט זִיךְ נִידֶערִיגֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
דֶענְסְטְמָאל אָנְגֶעהְמֶען דִיא שְׁטְרָאף פוּן
זֵייעֶרֶע זִינְד:
42 אַזוֹי וֶועל אִיךְ גֶעדֶענְקֶען מֵיין בּוּנְד
מִיט יַעֲקֹב, אוּנְד מֵיין בּוּנְד מִיט יִצְחָק,
אוּנְד אוֹיךְ מֵיין בּוּנְד מִיט אַבְרָהָם וֶועל
אִיךְ גֶעדֶענְקֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעדֶענְ־
קֶען דָאס לַאנְד:
43 אוּנְד דָאס לַאנְד וֶועט פֶערְלָאזְט
וֶוערֶען פוּן זֵייא, אוּנְד עֶס וֶועט בֶּעווִי־
לִיגֶען אִיהְרֶע שַׁבָּתִים וֶוען עֶס אִיז
פֶערְווִיסְט וֶועגֶען זֵייא, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
אָנְנֶעמֶען דִיא שְׁטְרָאף פוּן זֵייעֶרֶע זִינְד
גְרָאד, פוּן וֶועגֶען, ווייל זֵייא הָאבֶּען
פֶעראַכְטֶעט מֵיינֶע גֶערִיכְטֶען, אוּנְד
זֵייעֶרֶע זֶעלֶע הָאט פֶערְאוּמְווִירְדִיגְט מֵיינֶע
גֶעזֶעצֶע:
44 אוּנְד אוֹיךְ דָאס דָאזִיגֶע, וֶוען זֵייא
וֶועלֶען זַיין אִין דֶעם לַאנְד פוּן זֵייעֶרֶע
פֵּיינְד וֶועל אִיךְ זֵייא נִיט פֶערְוַוארְפֶען,
אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא נִיט פֶערְאוּמְווִירְ־
דִיגֶען זֵייא צוּ פֶערְטִילִיגֶען, צוּ פֶער־
שְׁטֶערֶען מֵיין בּוּנְד מִיט זֵייא, וָוארִין
אִיךְ בִּין יְהוָֹה זֵייעֶר גָאט:
45 אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעדֶענְקֶען צוּ אִיךְ
דֶעם בּוּנְד פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע (אָבוֹת), וָואס
אִיךְ הָאבּ זֵייא אַרוֹיס גֶעבְּרֶענְגְט פוּן דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם, צוּ פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן
דִיא פֶעלְקֶער, צוּ זַיין צוּ זֵייא אַ גָאט,
אִיךְ בִּין יְהוָֹה:
46 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעזֶעצֶע,
אוּנְד דִיא גֶערִיכְטֶע, אוּנְד דִיא לֶערְנוּנְגֶען
וָואס גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ
אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוֹיף דֶעם
בַּארְג סִינַי, דוּרְךְ מֹשֶׁה:

## קאפיטל כז

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי
צוּ זָאגֶען:
2 רֵייד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ זֵייא, וֶוען אֵיין
מַאן וֶועט אָבְּזוּנְדֶערֶען אֵיין גֶעלִיבְּדֶע
(נֶדֶר) צוּ גָאט, זָאל עֶס זַיין נָאךְ דֵיינֶע
שֶׁעצוּנְג נָאךְ פוּן זֶעלֶען:
3 אוּנְד דֵיינֶע שֶׁעצוּנְג זָאל זַיין, פוּן
אֵיין זָכָר, פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד
בִּיז זֶעכְצִיג יָאהְר אַלְט, אוּנְד דִיא
שֶׁעצוּנְג זָאל זַיין פוּנְפְצִיג שֶׁקֶל זִילְבֶּער
נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ:
4 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז אֵיינֶע נְקֵבָה,
אַזוֹי זָאל דֵיינֶע שֶׁעצוּנְג זַיין דְרֵייסִיג
שֶׁקֶל:
5 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז פוּן פִינְף יָאהְר
אַלְט אוּנְד בִּיז צְוַואנְצִיג יָאהר, אַזוֹי
זָאל דֵיינֶע שֶׁעצוּנְג זַיין, פוּן אֵיין זָכָר
צְוַואנְצִיג שְׁקָלִים, אוּנְד צוּ דִיא נְקֵבָה
צֶעהְן שְׁקָלִים:
6 אוּנְד וֶוען פוּן אֵיין חֹדֶשׁ אַלְט אוּנְד
בִּיז פִינְף יָאהְר אַלְט, אַזוֹי זָאל דֵיינֶע
שֶׁעצוּנְג זַיין פוּן דֶעם זָכָר פִינְף שְׁקָלִים
זִילְבֶּער, אוּנְד צוּ דִיא נְקֵבָה זָאל דֵיינֶע
שֶׁעצוּנְג זַיין דְרֵייא שְׁקָלִים זִילְבֶּער:
7 אוּנְד וֶוען פוּן זֶעכְצִיג יָאהְר אַלְט
אוּנְד דְרִיבֶּער, וֶוען עֶס אִיז אֵיין זָכָר



אזוי

אַזוי זָאל דֵיינֶע שֶׁעצוּנְג זַיין פִינְפְצֶעהְן
שְׁקָלִים, אוּנְד צוּ אַ נְקֵבָה צֶעהְן שְׁקָלִים:
8 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אָרִימֶער פוּן דֵיינֶע
שֶׁעצוּנְג אַזוי זָאל עֶר זִיךְ שְׁטֶעלֶען פַאר
דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל אִיהְם
שֶׁעצֶען נָאךְ דֶעם נָאךְ אַז עֶס וֶועט
גֶערייכֶען דִיא הַאנְד פוּן דֶעם וָואס הָאט
אַיין גֶעלִיבְּדֶע (נֶדֶר) גֶעטְהוּן, זָאל דֶער
כֹּהֵן אִיהְם שֶׁעצֶען:
9 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז אֵיינֶע בְּהֵמָה
וָואס מַאן קֶען גֶעגֶעהְנֶען דֶערְפוּן אַיין
קָרְבָּן צוּ גָאט, אַלֶעס וָואס מַאן זָאל
גֶעבֶּען דֶערְפוּן צוּ גָאט זָאל הֵיילִיג זַיין:
10 עֶר זָאל עֶס נִיט פֶערוֶועקְסֶלֶען,
אוּנְד עֶר זָאל עֶס נִיט פֶערטוישֶׁען,
גוּט פַאר שְׁלֶעכְט, אָדֶער שְׁלֶעכְט פַאר
גוּט, אוּנְד וֶוען עֶר וִויל פֶערטוישֶׁען
בְּהֵמָה פַאר בְּהֵמָה, אַזוי זָאל עֶס אוּנְד
זַיינֶע פֶערטוישוּנְג הֵיילִיג זַיין:
11 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז אַלֶערְלֵייא אוּמ־
רֵיינֶע בְּהֵמָה, וָואס מֶען קֶען נִיט גֶעג־
נֶעהְנֶען דֶערְפוּן אַיין אָפְּפֶער צוּ גָאט,
אַזוי זָאל מַאן שְׁטֶעלֶען דִיא בְּהֵמָה צוּ
פַאר דֶעם כֹּהֵן:
12 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זִיא שֶׁעצֶען
צְווִישֶׁען גוּט אוּנְד צְווִישֶׁען שְׁלֶעכְט,
נָאךְ דֶער שֶׁעצוּנְג נָאךְ פוּן דֶעם כֹּהֵן
אַזוי זָאל עֶס זַיין:
13 אוּנְד וֶוען עֶר וִויל עֶס אויסלֵייזֶען
אַזוי זָאל עֶר מֶעהְרֶען זַיין פִינְפְטֶעם
טֵייל אוֹיף זַיינֶע שֶׁעצוּנְג:
14 אוּנְד וֶוען אֵיין מַאן וֶועט זַיין הויז
הֵיילִיגֶען צוּ גָאט, אַזוי זָאל דֶער כֹּהֵן
עֶס שֶׁעצֶען צְווִישֶׁען גוּט אוּנְד צְווִישֶׁען
שְׁלֶעכְט, גְלֵייךְ אַזוי וִויא דֶער כֹּהֵן וֶועט
עֶס שֶׁעצֶען אַזוי זָאל עֶס בְּלֵייבֶּען:
15 אוּנְד וֶוען דֶער וָואס הֵיילִיגְט וִויל
אויסלֵייזֶען זַיין הויז, אַזוי זָאל עֶר
מֶעהְרֶען דָאס פִינְפְטֶע טֵייל פוּן דֶעם
גֶעלְד פוּן זַיינֶע שֶׁעצוּנְג דְרוֹיף, אוּנְד
עֶס זָאל זַיין צוּ אִיהְם:
16 אוּנְד וֶוען אֵיין מַאן וֶועט הֵיילִיגֶען
פוּן דֶעם פֶעלְד פוּן זַיין בֶּעזִיץ צוּ גָאט,
אַזוי זָאל דֵיינֶע שֶׁעצוּנְג זַיין נָאךְ זַיין
זָאמֶען נָאךְ, דֶער זָאמֶען פוּן אֵיין חֹמֶר
גֶערשְׁטֶען פַאר פוּנְפְצִיג שֶׁקֶל זִילְבֶּער:
17 וֶוען עֶר וֶועט פוּן דֶעם יוֹבֵל יָאהְר
אָן הֵיילִיגֶען זַיין פֶעלְד, נָאךְ דֵיינֶע
שֶׁעצוּנְג נָאךְ זָאל עֶס בְּלֵייבֶּען
18 אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט נָאךְ דֶעם יוֹבֵל
הֵיילִיגֶען זַיין פֶעלְד, אַזוי זָאל דֶער כֹּהֵן
רֶעכֶענֶען צוּ אִיהְם דָאס גֶעלְד נָאךְ
דִיא יָאהְרֶען נָאךְ וָואס זֶענֶען אִיבְּרִיג
בִּיז צוּ דֶעם יוֹבֵל יָאהְר, אוּנְד עֶס זָאל
פֶערמִינְגֶערְט וֶוערֶען פוּן דֶער שֶׁעצוּנְג:
19 אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט אויסלֵייזֶען דָאס
פֶעלְד, דֶער וָואס הֵיילִיגְט עֶס, אַזוי זָאל
עֶר מֶעהְרֶען אֵיין פִינְפְטֶעס טֵייל פוּן
דֶעם גֶעלְד פוּן דֵיינֶע שֶׁעצוּנְג דֶערצוּ,
אוּנְד עֶס זָאל בְּלֵייבֶּען צוּ אִיהְם:
20 אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט נִיט אויסלֵייזֶען
דָאס פֶעלְד, אָדֶער וֶוען עֶר הָאט פֶער־
קוֹיפְט דָאס פֶעלְד צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען
מַאן, זָאל עֶס נִיט מֶעהְר אוֹסגֶעלֵייזְט
וֶוערֶען:
21 אוּנְד דָאס פֶעלְד, וֶוען עֶס אַרוֹיס
גֵייט אִין דֶעם יוֹבֵל זָאל עֶס הֵיילִיג זַיין
צוּ גָאט, גְלֵייךְ אַזוי וִויא דָאס פֶעלְד פוּן
חֵרֶם, זַיין בֶּעזִיץ זָאל זַיין צוּם דֶעם כֹּהֵן:
22 אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט הֵיילִיגֶען צוּ
גָאט אֵיין פֶעלְד פוּן זַיינֶע קוֹיפוּנְג, וָואס
אִיז נִיט פוּן דֶעם פֶעלְד פוּן זַיין בֶּעזִיץ:
23 אַזוי זָאל דֶער כֹּהֵן רֶעכֶענֶען צוּ
אִיהְם דֶעם וֶוערְט פוּן דֵיינֶע שֶׁעצוּנְג בִּיז

צו דעם יובל יאהר, אונד ער זאל געבען דיינע שעצונג אין דעם זעלבען טאג איינע היילינקייט צו גאט:
24 אין דעם יובל יאהר זאל דאס פעלד צוריק קעהרען צו דעם וואס האט עס געקויפט פון איהם, צו וועלכעם דער בעזיץ פון דעם לאנד איז געוועזען:
25 אונד דיינע גאנצע שעצונג זאל זיין נאך דעם היילינען שקל נאך, צוואנציג גרה זאל זיין איין שקל:
26 נייערט דער בכור אונטער דיא בהמה, וואס איז בעשטימט צו גאט, קיין מאן זאל עס ניט היילינען, ענטוועדער אקס אדער לאם, עס איז צו גאט:
27 אונד ווען עס איז אונטער דיא אומריינע בהמות, אזוי זאל ער עס אויס־לייזען נאך דיינע שעצונג נאך, אונד ער זאל מעהרען זיין פינפטעס טייל דערצו, אונד ווען עס וועט ניט אויסגעלייזט ווערען, אזוי זאל עס פערקויפט ווערען נאך דיינע שעצונג נאך:
28 נייערט אלערלייא חרם וואס איין מאן וועט מחרים זיין צו גאט פון אלעם וואס ער האט, פון מענש אונד בהמה, אונד פון דעם פעלד פון זיין בעזיץ, עס זאל ניט פערקויפט ווערען, אונד עס זאל ניט אויסגעלייזט ווערען, אלער־לייא חרם איז גאנץ היילינ צו גאט:
29 אלעם חרם וואס איז מחרים געוויא־רען פון מענשען, זאל ניט אויסגעלייזט ווערען, עס זאל געוויס געטייט ווערען:
30 איטליכער צעהנטער טייל פון דעם לאנד, פון דעם זאמען פון דעם לאנד, פון דיא פרוכט פון דיא ביימער זאל זיין צו גאט, עס איז היילינ צו גאט
31 אונד ווען איין מאן וועט אויס־לייזען פון זיין צעהנטען טייל, אזוי זאל ער מעהרען זיין פינפטען טייל דערצו:
32 איטליכער צעהנטער טייל פון רינ־דער אונד פון שאף, אלעס וואס איבער־פאהרט אונטער דעם שטעקען, דער צעהנטער טייל זאל היילינ זיין צו גאט:
33 ער זאל ניט זוכען צווישען גוט אונד שלעכט, אונד ער זאל עס ניט פערטוישען, אונד ווען ער וועט פער־טוישען אזוי זאל עס אונד זיינע פער־טוישונג היילינ זיין, עס זאל ניט אויס־געלייזט ווערען:
34 דיא דאזיגע זענען דיא מצות וואס גאט האט געבאטען צו משה פאר דיא קינדער ישראל אויף דעם בארג סיני:

**אלע פסוקים פון ויקרא זענען אכט הונדערט אונד נייון אונד פונפציג, אונד דיא העלפטע דאפון איז קאפיטעל ט"ו ז', אונד האט זיבען אונד צוואנציג קאפיטעל אונד צעהן פרשיות:**

# חזק

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה אִין
דִיא ווּיסְטֶענֵייא סִינַי אִין דֶעם גֶעצֶעלְט
פוּן דֶער פֶערזַאמְלוּנג, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען
טָאג פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם
אַנְדֶערֶען יָאהְר אַז זֵייא זֶענֶען אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען:
2 גֶעמְט דִיא הוֹיפְּט צָאהְל פוּן דִיא
גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
צוּ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, צוּ דֶעם הוֹיז
פוּן זֵייעֶרֶע פֶעטֶער מִיט דִיא צָאהְל פוּן
דִיא נֶעמֶען פוּן אִיטְלִיכֶעם זָכָר צוּ זֵייעֶרֶע
קֶעפְּ:
3 פוּן צְווַאנְצִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער
אַלֶע וָואס גֵייעֶן אַרוֹיס אִין דֶער הֶערשַׁאר
אִין יִשְׂרָאֵל, אִיהְר זָאלְט זֵייא צֵיילֶען צוּ
זֵייעֶרֶע הֶערשַׁארֶען, דוּא אוּנְד אַהֲרֹן:
4 אוּנְד מִיט אַייךְ זָאל זַיין אֵיין מַאן
פוּן אִיטְלִיכֶעם שֵׁבֶט, אִיטְלִיכֶער זָאל
זַיין דָאס הוֹיפְּט צוּ דֶעם הוֹיז פוּן זַיינֶע
פֶּעטֶער:
5 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא נֶעמֶען
פוּן דִיא מֶענֶער וָואס זָאלֶען שְׁטֵיין בֵּייא
אַייךְ, פוּן רְאוּבֵן, אֱלִיצוּר דֶער זוּהְן פוּן
שְׁדֵיאוּר:
6 פוּן שִׁמְעוֹן, שְׁלֻמִיאֵל דֶער זוּהְן פוּן
צוּרִישַׁדָי:
7 פוּן יְהוּדָה, נַחְשׁוֹן דֶער זוּהְן פוּן
עַמִינָדָב:
8 פוּן יִשָׂשכָר, נְתַנְאֵל דֶער זוּהְן פוּן צוּעָר:
9 פוּן זְבוּלֻן, אֱלִיאָב דֶער זוּהְן פוּן חֵלֹן:
10 פוּן דִיא זִיהְן פוּן יוֹסֵף, פוּן אֶפְרַיִם,
אֱלִישָׁמָע דֶער זוּהְן פוּן עַמִיהוּד, צוּ
מְנַשֶּׁה, גַמְלִיאֵל דֶער זוּהְן פוּן פְּדָהצוּר:
11 פוּן בִּנְיָמִין, אֲבִידָן דֶער זוּהְן פוּן
גִדְעוֹנִי:
12 פוּן דָן אֲחִיעֶזֶר דֶער זוּהְן פוּן עַמִישַׁדָי:
13 פוּן אָשֵׁר, פַּגְעִיאֵל דֶער זוּהְן פוּן
עָכְרָן:
14 פוּן גָד, אֶלְיָסָף דֶער זוּהְן פוּן רְעוּאֵל:
15 פוּן נַפְתָּלִי, אֲחִירַע דֶער זוּהְן פוּן
עֵינָן:
16 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא פָארְגֶעמְסְטֶע
פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע, דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן
דִיא שְׁבָטִים פוּן זֵייעֶרֶע פֶעטֶער, זֵייא
זֶענֶען דִיא הוֹיפְּט לֵייט פוּן דִיא טוֹיזֶענְ-
דֶען פוּן יִשְׂרָאֵל:
17 אוּנְד משֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן הָאבֶּען
גֶענוּמֶען דִיא דָאזִיגֶע מֶענֶער וָואס זֶענֶען
בֶּעצֵייכֶענְט גֶעוָוארֶען מִיט זֵייעֶרֶע נֶעמֶען:
18 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְזַאמֶעלְט דִיא
גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג
פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען חוֹדֶשׁ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעווִייזֶען זֵייעֶר יִחוּס נָאךְ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְ-
טֶער נָאךְ, צוּ דֶעם הוֹיז פוּן זֵייעֶרֶע פֶעטֶער,
מִיט דִיא צָאהְל פוּן דִיא נֶעמֶען פוּן
צְווַאנְצִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער, צוּ
זֵייעֶרֶע קֶעפְּ:
19 גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען
צוּ משֶׁה, אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא גֶעצֵיילְט
אִין דֶער ווּיסְטֶענֵייא:
20 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא זִיהְן
פוּן רְאוּבֵן, דֶער עֶלְצְטֶער פוּן יִשְׂרָאֵל,
נָאךְ זֵייעֶרֶע גֶעבּוּרְט צוּ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער
צוּ דֶעם הוֹיז פוּן זֵייעֶרֶע פֶעטֶער, מִיט
דִיא צָאהְל פוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶע צוּ זֵייעֶרֶע
קֶעפְּ, אִיטְלִיכֶער זָכָר פוּן צְווַאנְצִיג יָאהְר
אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער, אִיטְלִיכֶער וָואס
אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער הֶערְשַׁאר:
21 זֵייעֶרֶע גֶעצֵיילְטֶע פוּן דֶעם שֵׁבֶט

רְאוּבֵן, זֶעקְס אוּנְד פִירְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט׃

22 פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן שִׁמְעוֹן, זֵיירֶע גֶעבּוּרְט נָאךְ זֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער צוּ דֶעם הויז פוּן זֵיירֶע פֶּעטֶער, זֵיינֶע גֶעצֵיילְטֶע מִיט דִיא צָאהְל פוּן דִיא נֶעמֶען צוּ זֵיירֶע קֶעפְּף, אִיטְלִיכֶער זָכָר פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער הֶערְשַׁאר׃

23 זֵיירֶע גֶעצֵיילְטֶע פוּן דֶעם שֵׁבֶט שִׁמְעוֹן, נַיין אוּנְד פוּנְפְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד דְרַייא הוּנְדֶערְט׃

24 פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן גָד, זֵיירֶע גֶעבּוּרְט נָאךְ זֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער צוּ דֶעם הויז פוּן זֵיירֶע פֶּעטֶער, מִיט דִיא צָאהְל פוּן דִיא נֶעמֶען פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער הֶערְשַׁאר׃

25 זֵיירֶע גֶעצֵיילְטֶע פוּ דֶעם שֵׁבֶט גָד, פִינְף אוּנְד פִירְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד זֶעקְס הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּנְפְצִיג׃

26 פוּן דִיא קִינְדֶער יְהוּדָה, זֵיירֶע גֶעבּוּרְט נָאךְ זֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער צוּ דֶעם הויז פוּן זֵיירֶע פֶּעטֶער מִיט דִיא צָאהְל פוּן דִיא נֶעמֶען, פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער הֶערְשַׁאר׃

27 זֵיירֶע גֶעצֵיילְטֶע פוּן דֶעם שֵׁבֶט יְהוּדָה פִיעֶר אוּנְד זִיבְּצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד זֶעקְס הוּנְדֶערְט׃

28 פוּן דִיא קִינְדֶער יִשָּׂשכָר, זֵיירֶע גֶעבּוּרְט נָאךְ זֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער צוּ דֶעם הויז פוּן זֵיירֶע פֶּעטֶער, מִיט דִיא צָאהְל פוּן דִיא נֶעמֶען, פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער הֶערְשַׁאר׃

29 זֵיירֶע גֶעצֵיילְטֶע פוּן דֶעם שֵׁבֶט יִשָּׂשכָר פִיעֶר אוּנְד פוּנְפְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִיעֶר הוּנְדֶערְט׃

30 פוּן דִיא קִינְדֶער זְבוּלֻן, זֵיירֶע גֶעבּוּרְט נָאךְ זֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער צוּ דֶעם הויז פוּן זֵיירֶע פֶּעטֶער מִיט דִיא צָאהְל פוּן דִיא נֶעמֶען, פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער הֶערְשַׁאר׃

31 זֵיירֶע גֶעצֵיילְטֶע פוּן דֶעם שֵׁבֶט זְבוּלֻן, זִיבֶּען אוּנְד פִינְפְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִיעֶר הוּנְדֶערְט׃

32 פוּן דִיא קִינְדֶער יוֹסֵף, צוּ דִיא קִינְדֶער אֶפְרַיִם, זֵיירֶע גֶעבּוּרְט נָאךְ זֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער צוּ דֶעם הויז פוּן זֵיירֶע פֶּעטֶער, מִיט דִיא צָאהְל פוּן דִיא נֶעמֶען פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט דְרִיבֶּער, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער הֶערְשַׁאר׃

33 זֵיירֶע גֶעצֵיילְטֶע פוּן דֶעם שֵׁבֶט אֶפְרַיִם, פִירְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט׃

34 פוּן דִיא קִינְדֶער מְנַשֶּׁה, זֵירֶע גֶעבּוּרְט נָאךְ זֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער צוּ דֶעם הויז פוּן זֵיירֶע פֶּעטֶער, מִיט דִיא צָאהְל פוּן דִיא נֶעמֶען, פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער הֶערְשַׁאר׃

35 זֵיירֶע גֶעצֵיילְטֶע פוּן דֶעם שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה צְווייא אוּנְד דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד צְווייא הוּנְדֶערְט׃

36 פוּן דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִין, זֵיירֶע גֶע־צֵיילְטֶע נָאךְ זֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער צוּ דֶעם הויז פוּן זֵיירֶע פֶּעטֶער מִיט דִיא צָאהְל פוּן דִיא נֶעמֶען, פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער הֶערְשַׁאר׃

37 זֵייעֶרֶע גֶעצֵיילְטֶע פוּן דֶעם שֵׁבֶט
בִּנְיָמִין, פִינְף אוּנְד דְרֵייסִיג טוֹיזֶענְד
אוּנְד פִיעֶר הוּנְדֶערְט:

38 פוּן דִיא קִינְדֶער דָן, זֵייעֶרֶע גֶעבּוּרְט
נָאךְ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער צוּ דֶעם הוֹיז פוּן
זֵייעֶרֶע פֶעטֶער, מִיט דִיא צָאהְל פוּן דִיא
נֶעמֶען, פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד
דְרִיבֶּער, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער הֶערְשַׁאר:

39 זֵייעֶרֶע גֶעצֵיילְטֶע פוּן דֶעם שֵׁבֶט דָן
צְוֵייא אוּנְד זֶעכְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד זִיבֶּען
הוּנְדֶערְט:

40 פוּן דִיא קִינְדֶער אָשֵׁר, זֵייעֶרֶע גֶעבּוּרְט
נָאךְ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, צוּ דֶעם הוֹיז
פוּן זֵייעֶרֶע פֶעטֶער, מִיט דִיא צָאהְל פוּן
דִיא נֶעמֶען, פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט
אוּנְד דְרִיבֶּער, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער הֶערְשַׁאר:

41 זֵייעֶרֶע גֶעצֵיילְטֶע פוּן דֶעם שֵׁבֶט אָשֵׁר,
אֵיין אוּנְד פִירְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף
הוּנְדֶערְט:

42 דִיא קִינְדֶער נַפְתָּלִי, זֵייעֶרֶע גֶעבּוּרְט
נָאךְ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער צוּ דֶעם הוֹיז פוּן
זֵייעֶרֶע פֶעטֶער, מִיט דִיא צָאהְל פוּן דִיא
נֶעמֶען, פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד
דְרִיבֶּער, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער הֶערְשַׁאר:

43 זֵייעֶרֶע גֶעצֵיילְטֶע פוּן דֶעם שֵׁבֶט נַפְתָּלִי,
דְרֵייא אוּנְד פוּנְפְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִיעֶר
הוּנְדֶערְט:

44 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעצֵיילְטֶע
וָואס מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן הָאבֶּען גֶעצֵיילְט
אוּנְד דִיא צְוֶועלְף פִירְשְׁטֶען פוּן יִשְׂרָאֵל,
זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִיטְלִיכֶער מַאן צוּ
דֶעם הוֹיז פוּן זֵייעֶרֶע פֶעטֶער:

45 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַלֶע גֶע־
צֵיילְטֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן דֶעם
הוֹיז פוּן זֵייעֶרֶע פֶעטֶער, פוּן צְוַואנְצִיג
יָאהְר אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער, אִיטְלִיכֶער
וָואס אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער
הֶערְשַׁאר אִין יִשְׂרָאֵל:

46 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַלֶע דִיא
גֶעצֵיילְטֶע זֶעקְס הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד אוּנְד
דְרֵייא טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט
אוּנְד פוּנְפְצִיג:

47 אוּנְד דִיא לֵוִים נָאךְ דֶעם שֵׁבֶט פוּן
זֵייעֶרֶע פֶעטֶער זֶענֶען נִיט גֶעצֵיילְט גֶעוָוא־
רֶען אִין צְווִישֶׁען זֵייא:

48 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

49 נָאר דֶעם שֵׁבֶט לֵוִי זָאלְסְטוּ נִיט
צֵיילֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע הוֹיפְּט צָאהְל זָאלְסְטוּ
נִיט נֶעמֶען אִין צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל:

50 אָבֶּער דוּא זָאלְסְט זֶעצֶען דִיא
לֵוִים אִיבֶּער דֶעם מִשְׁכָּן פוּן דֶעם צֵייגֶעד־
נִיס, אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע זֵיינֶע כֵּלִים,
אוּנְד אִיבֶּער אַלֶעם וָואס גֶעהֶערְט דֶער
צוּ, זֵייא זָאלֶען טְרָאגֶען דָאס מִשְׁכָּן אוּנְד
אַלֶע זֵיינֶע גֶעפֶעס, אוּנְד זֵייא זָאלֶען עֶס
בֶּעדִינֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זִיךְ לַאגֶערֶען
רִינְגְס אַרוּם בֵּייא דֶעם מִשְׁכָּן:

51 אוּנְד וֶוען דָאס מִשְׁכָּן צִיהְט זָאלֶען
דִיא לֵוִים עֶס אַרוּנְטֶער נֶעמֶען, אוּנְד
וֶוען דָאס מִשְׁכָּן רוּהְט זָאלֶען עֶס דִיא
לֵוִים אוֹיפְשְׁטֶעלֶען, אָבֶּער דֶער פְרֶעמְדֶער
וָואס וֶועט זִיךְ גֶענֶעהֶענֶען זָאל גֶעטֵייט
וֶוערֶען:

52 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלֶען
זִיךְ לַאגֶערֶען, אִיטְלִיכֶער בֵּייא זֵיינֶעם
לַאגֶער, אוּנְד אִיטְלִיכֶער בֵּייא זֵיינֶעם
פָאהְן נָאךְ זֵייעֶרֶע הֶערְשַׁארֶען:

53 אוּנְד דִיא לֵוִים זָאלֶען זִיךְ לַאגֶערֶען
רִינְגְס אַרוּם בֵּייא דֶעם מִשְׁכָּן פוּן דֶעם

צֵייגֶענִים, אַז קֵיין צָארְן זָאל נִיט זֵיין אוֹיף דִיא גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דִיא לְוִיִם זָאלֶען הִיטֶען דִיא הִיטוּנְג פוּן דֶעם מִשְׁכָּן פוּן דֶעם צֵייגֶענִים׃

54 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעטְהוּן אַלֶעס גְלֵייךְ אַזוֹי וְויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ משֶׁה, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעטְהוּן׃

## קאפיטעל ב

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

2 דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלֶען זִיךְ לַאגֶערְן אִיטְלִיכֶער בֵּייא זֵיינֶעם פָאהְן מִיט דִיא צֵייכֶען פוּן דֶעם הוֹיז פוּן זֵיינֶע פֶעטֶער, קֶעגֶען אִיבֶּער, רִינְגְס אַרוּם בֵּייא דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער פֶערזַאמְלוּנְג זָאלֶען זֵייא זִיךְ לַאגֶערֶען׃

3 אוּנְד דִיא וָואס לַאגֶערֶען זִיךְ אַן דֶער מִזְרָח זֵייט זָאל זֵיין דֶער פָאהְן פוּן דֶעם לַאגֶער פוּן יְהוּדָה צוּ זֵייעֶרֶע הֶערְשַׁארֶען אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער יְהוּדָה זָאל זֵיין נַחְשׁוֹן דֶער זוּהְן פוּן עַמִינָדָב׃

4 אוּנְד זֵיינֶע הֶערְשַׁאר, אוּנְד זֵיינֶע גֶעצֵיילְטֶע וַוארֶען פִיעֶר אוּנְד זִיבְּצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד זֶעקְס הוּנְדֶערְט׃

5 אוּנְד דִיא וָואס לַאגֶערֶען זִיךְ גֶעבֶּען אִיהְם זָאלֶען זֵיין דֶער שֵׁבֶט יִשָּׂשכָר, אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער יִשָּׂשכָר זָאל זֵיין נְתַנְאֵל דֶער זוּהְן פוּן צוּעָר׃

6 אוּנְד זֵיינֶע הֶערְשַׁאר, אוּנְד זֵיינֶע גֶעצֵיילְטֶע וַוארֶען פִיעֶר אוּנְד פוּנְפְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִיעֶר הוּנְדֶערְט׃

7 דֶער שֵׁבֶט פוּן זְבוּלֻן, אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער זְבוּלֻן וַואר אֱלִיאָב דֶער זוּהְן פוּן חֵלֹן׃

8 אוּנְד זֵיינֶע הֶערְשַׁאר, אוּנְד זֵיינֶע גֶעצֵיילְטֶע וַוארֶען זִיבֶּען אוּנְד פוּנְפְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִיעֶר הוּנְדֶערְט׃

9 אַלֶע דִיא גֶעצֵיילְטֶע פוּן דֶעם לַאגֶער יְהוּדָה וַוארֶען הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעקְס אוּנְד אַכְטְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִיעֶר הוּנְדֶערְט, צוּ זֵיינֶע הֶערְשַׁארֶען, זֵייא אָזָלֶען צִיהֶען צוּ עֶרְשְׁט׃

10 דֶער פָאהְן פוּן דֶעם לַאגֶער פוּן רְאוּבֵן זָאל זֵיין קֶעגֶען דָרוֹם זֵייט, צוּ זֵייעֶרֶע הֶערְשַׁארֶען, אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער רְאוּבֵן וַואר אֱלִיצוּר דֶער זוּהְן פוּן שְׁדֵיאוּר׃

11 אוּנְד זֵיינֶע הֶערְשַׁארֶען אוּנְד זֵיינֶע גֶעצֵיילְטֶע וַוארֶען זֶעקְס אוּנְד פִירְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט׃

12 אוּנְד דִיא וָואס לַאגֶערֶען זִיךְ גֶעבֶּען אִיהְם זָאלֶען זֵיין דֶער שֵׁבֶט פוּן שִׁמְעוֹן, אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער שִׁמְעוֹן זָאל זֵיין שְׁלֻמִיאֵל זוּהְן פוּן צוּרִישַׁדָי׃

13 אוּנְד זֵיינֶע הֶערְשַׁאר אוּנְד זֵיינֶע גֶעצֵיילְטֶע וַוארֶען, נֵיין אוּנְד פוּנְפְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד דְרֵייא הוּנְדֶערְט׃

14 אוּנְד דֶער שֵׁבֶט גָד, אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער גָד, וַואר אֶלְיָסָף דֶער זוּהְן פוּן רְעוּאֵל׃

15 אוּנְד זֵיינֶע הֶערְשַׁאר אוּנְד זֵיינֶע גֶעצֵיילְטֶע וַוארֶען פִינְף אוּנְד פִירְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד זֶעקְס הוּנְדֶערְט פוּנְפְצִיג׃

16 אַלֶע דִיא גֶעצֵיילְטֶע פוּן דֶעם לַאגֶער פוּן רְאוּבֵן וַוארֶען הוּנְדֶערְט אוּנְד אֵיין אוּנְד פוּנְפְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִיעֶר הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּנְפְצִיג, צוּ זֵייעֶרֶע הֶערְשַׁארֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען צִיהֶען צוּם צְוֵויטֶען׃

17 אוּנְד דָאס גֶעצֶעלְט פוּן דֶער פֶער־זַאמְלוּנְג, דָאס לַאגֶער פוּן דִיא לְוִיִם זָאל צִיהֶען אִין צְווִישֶׁען דִיא לַאגֶערְם,

גְלַייךְ אַזוֹי וִויא זֵייא לַאגֶערֶען זִיךְ אַזוֹי
זָאלֶען זֵייא צִיהֶען אִיטְלִיכֶער אִין זֵיין
אָרְט צוּ זֵיירֶע פֶּעהְנֶער:
18 דֶער פָּאהְן פוּן דֶעם לַאגֶער פוּן
אֶפְרַיִם צוּ זֵיירֶע הֶערְשַׁארֶען זָאלֶען זֵיין
קֶעגֶען מַעֲרָב צוּ, אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן
דִיא קִינְדֶער אֶפְרַיִם זָאל זֵיין אֱלִישָׁמָע
דֶער זוּהְן פוּן עַמִיהוּד:
19 אוּנְד זֵיינֶע הֶערְשַׁאר אוּנְד זֵיירֶע
גֶעצֵיילְטֶע וַוארֶען פִירְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד
פִינְף הוּנְדֶערְט:
20 אוּנְד גֶעבֶּען אִיהְם דֶער שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה,
אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער מְנַשֶּׁה
זָאל זֵיין גַמְלִיאֵל דֶער זוּהְן פוּן פְּדָהצוּר:
21 אוּנְד זֵיינֶע הֶערְשַׁאר אוּנְד זֵיינֶע גֶע־
צֵיילְטֶע וַוארֶען צְווייא אוּנְד דְרֵייסִיג
טוֹיזֶענְד אוּנְד צְווייא הוּנְדֶערְט:
22 אוּנְד דֶער שֵׁבֶט בִּנְיָמִין, אוּנְד דֶער
פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִין זָאל זֵיין
אֲבִידָן דֶער זוּהְן פוּן גִדְעוֹנִי:
23 אוּנְד זֵיינֶע הֶערְשַׁאר אוּנְד זֵיינֶע
גֶעצֵיילְטֶע וַוארֶען פִינְף אוּנְד דְרֵייסִיג
טוֹיזֶענְד אוּנְד פִיעֶר הוּנְדֶערְט:
24 אַלֶע דִיא גֶעצֵיילְטֶע פוּן דֶעם לַאגֶער
פוּן אֶפְרַיִם וַוארֶען הוּנְדֶערְט אוּנְד אַכְט
טוֹיזֶענְד אוּנְד אֵיין הוּנְדֶערְט, צוּ זֵיירֶע
הֶערְשַׁארֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען צִיהֶען צוּם
דְרִיטֶען:
25 אוּנְד דֶער פָּאהְן פוּן דֶעם לַאגֶער
פוּן דָן זָאל זֵיין קֶעגֶען צָפוֹן צוּ, פוּן
זֵיירֶע הֶערְשַׁארֶען, אוּנְד דֶער פִירְשְׁט
פוּן דִיא קִינְדֶער דָן זָאל זֵיין אֲחִיעֶזֶר
דֶער זוּהְן פוּן עַמִּישַׁדָּי:
26 אוּנְד זֵיינֶע הֶערְשַׁאר אוּנְד זֵיירֶע
גֶעצֵיילְטֶע וַוארֶען צְווייא אוּנְד זֶעכְצִיג
טוֹיזֶענְד אוּנְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט:
27 אוּנְד דִיא וָואס לַאגֶערֶען זִיךְ נֶעבֶּען
אִיהְם זָאלֶען זֵיין דֶער שֵׁבֶט אָשֵׁר,
אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן
אָשֵׁר זָאל זֵיין פַּגְעִיאֵל דֶער זוּהְן פוּן עָכְרָן:
28 אוּנְד זֵיינֶע הֶערְשַׁאר אוּנְד זֵיירֶע
גֶעצֵיילְטֶע וַוארֶען אֵיין אוּנְד פוּנְפְצִיג
טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט:
29 אוּנְד דֶער שֵׁבֶט נַפְתָּלִי, אוּנְד
דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער נַפְתָּלִי
זָאל זֵיין אֲחִירַע דֶער זוּהְן פוּן עֵינָן:
30 אוּנְד זֵיינֶע הֶערְשַׁאר אוּנְד זֵיירֶע
גֶעצֵיילְטֶע וַוארֶען דְרֵייא אוּנְד פוּנְפְצִיג
טוֹיזֶענְד אוּנְד פִיעֶר הוּנְדֶערְט:
31 אַלֶע דִיא גֶעצֵיילְטֶע פוּן דֶעם לַאגֶער
פוּן דָן וַוארֶען הוּנְדֶערְט אוּנְד זִיבֶּען
אוּנְד פוּנְפְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד זֶעקְס הוּנְ־
דֶערְט, זֵייא זָאלֶען צִיהֶען צוּ לֶעצְט
מִיט זֵיירֶע פֶּעהְנֶער:
32 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעצֵיילְטֶע
פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל נָאךְ דֶעם הוֹיז
פוּן זֵיירֶע פֶּעטֶער, אַלֶע דִיא גֶעצֵיילְטֶע
פוּן דִיא לַאגֶערְן צוּ זֵיירֶע הֶערְשַׁארֶען
וַוארֶען זֶעקְס הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייא
טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט אוּנְד
פוּנְפְצִיג:
33 אוּנְד דִיא לְוִיִּם זֶענֶען נִיט גֶעצֵיילְט
גֶעוָוארֶען אִין צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל, גְלַייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶע־
בָּאטֶען צוּ מֹשֶׁה:
34 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
גֶעטְהוּן גְלַייךְ אַזוֹי וִויא אַלֶעס
וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ
מֹשֶׁה, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶע־
לַאגֶערְט צוּ זֵיירֶע פֶּעהְנֶער, אוּנְד
אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעצוֹיגֶען
אִיטְלִיכֶער נָאךְ זֵיינֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער
נָאךְ דֶעם הוֹיז פוּן זֵיירֶע
פֶּעטֶער:

## קאפיטעל ג

1 אוּנְד דָאס וָוענֶען דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן
אַהֲרֹן אוּנְד משֶׁה, אִין דֶעם טָאג וֶוען
גָאט הָאט גֶערֶעט מִיט משֶׁה אוֹיף דֶעם
בַּארְג סִינַי׃
2 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע וָוענֶען דִיא נֶעמֶען
פוּן דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן, דֶער עֶלְצְטֶער
נָדָב, אוּנְד אֲבִיהוּא, אֶלְעָזָר אוּנְד אִיתָמָר׃
3 דִיא דָאזִיגֶע וָוענֶען דִיא נֶעמֶען פוּן
דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן, וָואס וָוענֶען גֶע־
זַאלְבְּט גֶעוָוארֶען, וָואס מֶען הָאט
דֶערְפִילְט זֵייעֶרֶע הֶענְד כֹּהֲנִים צוּ זַיין׃
4 אוּנְד נָדָב אוּנְד אֲבִיהוּא וָוענֶען גֶעשְׁטָר־
בֶּען צוּ פַאר גָאט, ווייל זֵייא הָאבֶּען גֶע־
נֶעהְנְט פְרֶעמְדֶעס פֵייעֶר צוּ פַאר גָאט אִין
דֶער ווִיסְטֶענֵייא סִינַי, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
קֵיינֶע קִינְדֶער גֶעהַאט, אוּנְד אֶלְעָזָר אוּנְד
אִיתָמָר וָוענֶען גֶעוֶועזֶען כֹּהֲנִים מִיט אַהֲרֹן
זֵייעֶר פָאטֶער׃
5 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
6 גֶענֶעהְן דֶעם שֵׁבֶט לֵוִי, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט אִיהְם שְׁטֶעלֶען צוּ פַאר אַהֲרֹן
דֶעם כֹּהֵן אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם דִינֶען׃
7 אוּנְד זֵייא זָאלֶען הִיטֶען זֵיינֶע הִיטוּנְג,
אוּנְד דִיא הִיטוּנְג פוּן דֶער גַאנְצֶע גֶעמֵיינְ־
דֶע פַאר דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער פֶערְ־
זַאמְלוּנְג צוּ דִינֶען דֶעם דִינְסְט פוּן דֶעם
מִשְׁכָּן׃
8 אוּנְד זֵייא זָאלֶען הִיטֶען אַלֶע דִיא
כֵּלִים פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער
פֶערזַאמְלוּנְג, אוּנְד דִיא הִיטוּנְג פוּן דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, צוּ דִינֶען דֶעם דִינְסְט
פוּן דֶעם מִשְׁכָּן׃
9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען דִיא לְוִיִם צוּ
אַהֲרֹן אוּנְד צוּ זֵיינֶע זִיהְן, זֵייא זָאלֶען
גַאנְץ גֶעגֶעבֶּען זַיין צוּ אִיהְם פוּן דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃
10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט בֶּעפֶעהְלֶען דֶעם
אַהֲרֹן אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן זֵייא זָאלֶען הִיטֶען
זֵייעֶרֶע כְּהוּנָה, אוּנְד דֶער פְרֶעמְדֶער וָואס
וֶועט זִיךְ גֶענֶעהֶען זָאל גֶעטֵייט וֶוערֶען׃
11 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
12 אוּנְד זֶעה, אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען דִיא לְוִיִם
פוּן צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַנְשְׁטָאט
אִיטְלִיכֶעם בְּכוֹר וָואס עֶפֶענְט דִיא גֶעבֶּער
מוּטֶער פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
דִיא לְוִיִם זָאלֶען גֶעהֶערֶען צוּ מִיר׃
13 דֶען צוּ מִיר גֶעהֶערֶען אַלֶע בְּכוֹרִים,
אִין דֶעם טָאג וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁלָאגֶען
אִיטְלִיכֶען בְּכוֹר אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם
אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מִיר גֶעהֵיילִיגְט אִיטְלִיכֶען
בְּכוֹר אִין יִשְׂרָאֵל פוּן מֶענְשֶׁען בִּיז בְּהֵמָה,
זֵייא זָאלֶען זַיין צוּ מִיר, אִיךְ בִּין גָאט׃
14 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה אִין
דֶער ווִיסְטֶענֵייא פוּן סִינַי אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
15 צֵייל דִיא קִינְדֶער לֵוִי נָאךְ דֶעם
הױז פוּן זֵייעֶרֶע פֶעטֶער, נָאךְ זֵייעֶרֶע גֶע־
שְׁלֶעכְטֶער, אִיטְלִיכֶען זָכָר פוּן אֵיין
חוֹדֶשׁ אַלְט אָן אוּנְד דְרִיבֶּער זָאלְסְט
דוּא זֵייא צֵיילֶען׃
16 אוּנְד משֶׁה הָאט זֵייא גֶעצֵיילְט נָאךְ
דֶעם וָוארְט נָאךְ פוּן גָאט גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא
עֶר אִיז גֶעבָּאטֶען גֶעוָוארֶען׃
17 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע וָוענֶען גֶעוֶועזֶען
דִיא זִיהְן פוּן לֵוִי מִיט זֵייעֶרֶע נֶעמֶען,
גֵּרְשׁוֹן, אוּנְד קְהָת, אוּנְד מְרָרִי׃
18 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע וָוענֶען דִיא נֶעמֶען
פוּן דִיא זִיהְן פוּן גֵּרְשׁוֹן נָאךְ זֵייעֶרֶע גֶע־
שְׁלֶעכְטֶער, לִבְנִי אוּנְד שִׁמְעִי׃
19 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן קְהָת נָאךְ זֵייעֶרֶע
גֶעשְׁלֶעכְטֶער, עַמְרָם אוּנְד יִצְהָר, חֶבְרוֹן

אוּנְד עֻזִּיאֵל׃

20 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן מְרָרִי נָאךְ זַיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, מַחְלִי אוּנְד מוּשִׁי. דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן לֵוִי נָאךְ דֶעם הױז פוּן זַיירֶע פֶעטֶער׃

21 פוּן גֵּרְשׁוֹן דָאס גֶעשְׁלֶעכְט פוּן דֶעם לִבְנִי אוּנְד דָאס גֶעשְׁלֶעכְט פוּן דֶעם שִׁמְעִי, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דֶעם גֵּרְשֻׁנִּי׃

22 זַיירֶע גֶעצֵיילְטֶע מִיט דִיא צָאהְל פוּן אִיטְלִיכֶען זָכָר פוּן אַיין חוֹדֶשׁ אָן אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער, זַיירֶע גֶעצֵיילְטֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען טױזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט׃

23 דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דֶעם גֵּרְשֻׁנִּי זָאלֶען זִיךְ לַאגֶערֶען הִינְטֶער דֶעם מִשְׁכָּן קֶעגֶען מַעֲרָב צוּ׃

24 אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן דֶעם הױז פוּן דֶעם פָאטֶער פוּן דֶעם גֵּרְשֻׁנִּי זָאל זַיין אֶלְיָסָף דֶער זוּהְן פוּן לָאֵל׃

25 אוּנְד דִיא הִיטוּנְג פוּן דִיא זִיהְן פוּן גֵּרְשׁוֹן אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג זָאל זַיין דָאס מִשְׁכָּן, אוּנְד דָאס גֶעצֶעלְט, זַיינֶע דֶעק אוּנְד דִיא דֶעק פוּן דֶער טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער פֶערזַאמְלוּנְג׃

26 אוּנְד דִיא אוּמְהֶענְג פוּן דֶעם פָארְהױף, אוּנְד דִיא דֶעק פוּן דֶער טִיר פוּן דֶעם פָארְהױף, וָואס אִיז בֵּייא דֶעם מִשְׁכָּן אוּנְד דֶעם מִזְבֵּחַ (אָפְּפֶער שְׁטאָהְל) רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד זַיינֶע שְׁטְרִיק, צוּ זַיין גַאנְצֶען דִינְסְט׃

27 אוּנְד צוּ קְהָת אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס גֶעשְׁלֶעכְט פוּן דֶעם עַמְרָמִי, אוּנְד דָאס גֶעשְׁלֶעכְט פוּן דֶעם יִצְהָרִי, אוּנְד דָאס גֶעשְׁלֶעכְט פוּן דֶעם חֶבְרוֹנִי, אוּנְד דָאס גֶעשְׁלֶעכְט פוּן דֶעם עָזִּיאֵלִי, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דֶעם קְהָתִי׃

28 אוּנְד דִיא צָאהְל פוּן אִיטְלִיכֶען זָכָר פוּן אַיין חוֹדֶשׁ אָן אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער, וַואר אַכְט טױזֶענְד אוּנְד זֶעקְס הוּנְדֶערְט וָואס הָאבֶּען גֶעהִיט דִיא הִיטוּנְג פוּן דֶעם הֵיילִיגְטוּם׃

29 דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דִיא זִיהְן פוּן קְהָת זָאלֶען זִיךְ לַאגֶערֶען אױף דִיא זַייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן קֶעגֶען דָרוֹם צוּ׃

30 אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן דֶעם הױז פוּן דֶעם פָאטֶער פוּן דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דֶעם קְהָתִי זָאל זַיין אֱלִיצָפָן דֶער זוּהְן פוּן עֻזִּיאֵל׃

31 אוּנְד זַיירֶע הִיטוּנְג זָאל זַיין דֶער קַאסְטֶען, אוּנְד דֶער טִישׁ אוּנְד דֶער לֵייכְטֶער אוּנְד דִיא מִזְבְּחֹת (אָפְּפֶער־שְׁטוּהְלֶען) אוּנְד דִיא הֵיילִיגֶע גֶעפֶעס וָואס זֵייא זָאלֶען מִיט זֵייא דִינֶען, אוּנְד דִיא פָארְהֶענְג אוּנְד זַיין גַאנְצֶער דִינְסְט׃

32 אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן לֵוִי זָאל זַיין אֶלְעָזָר דֶער זוּהְן פוּן אַהֲרֹן, דֶער כֹּהֵן, עֶר זָאל גֶעזֶעצְט זַיין אִיבֶּער דִיא הִיטֶער פוּן דִיא הִיטוּנְג פוּן דֶעם הֵיילִיגְטוּם׃

33 פוּן מְרָרִי אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס גֶעשְׁלֶעכְט פוּן מַחְלִי, אוּנְד דָאס גֶעשְׁלֶעכְט פוּן מוּשִׁי דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דֶעם מְרָרִי׃

34 אוּנְד זַיירֶע גֶעצֵיילְטֶע מִיט דִיא צָאל פוּן אִיטְלִיכֶען זָכָר פוּן אַיין חוֹדֶשׁ אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זֶעקְס טױזֶענְד אוּנְד צְוֵייא הוּנְדֶערְט׃

35 אוּנְד דֶער פִירְשְׁט פוּן דֶעם הױז פוּן דֶעם פָאטֶער פוּן דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער מְרָרִי וַואר צוּרִיאֵל דֶער זוּהְן פוּן אֲבִיחָיִל, זֵייא זָאלֶען זִיךְ לַאגֶערֶען אױף דֶער זַייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן קֶעגֶען צָפוֹן צוּ׃



אונד

36 אונד דער דינסט פון דיא היטונג פון דיא זיהן פון מְרָרִי זאָל זיין דיא ברעטער פון דעם מִשְׁכָּן, אונד זיינע ריגלען, אונד זיינע זיילען, אונד זיינע שוועלען, אונד אַללע זיינע געפעס, אונד זיין גאַנצער דינסט:
37 אונד דיא זיילען פון דעם פאַרהויף רינגס אַרום, אונד זייערע שוועלען, אונד זייערע נעגעל, אונד זייערע שטריק:
38 אָבער דיא וואס לאַגערן זיך צו פאָר דעם מִשְׁכָּן, קעגען מִזְרָח זייט פון דעם געצעלט פון דער פערזאַמלונג, קעגען מִזְרָח זייט, זאָל זיין משה אונד אַהֲרֹן אונד זיינע זיהן, וואס היטען דיא היטונג פון דעם היילינטום (מִקְדָּשׁ) צו דיא היטונג פון דיא קינדער יִשְׂרָאֵל, אונד דער פרעמדער וואס וועט זיך גענעהנען זאָל געטייט ווערען:
39 אַללע דיא געציילטע פון דיא לְוִיִּם וואס משה אונד אַהֲרֹן האָבען געציילט נאך דעם וואָרט פון גאָט, נאך זייערע געשלעכטער, איטליכער זָכָר פון איין חודש אַלט אָן אונד דריבער, זענען געוועזען צוויא אונד צוואַנציג טויזענד:
40 אונד גאָט האָט געזאָגט צו משה, צייל איטליכען בְּכוֹר וואס איז איין זָכָר פון דיא קינדער יִשְׂרָאֵל, פון איין חודש אַלט אָן אונד דריבער, אונד נעם אויף דיא צאָהל פון זייערע נעמען:
41 אונד דוא זאָלסט נעמען דיא לְוִיִּם צו מיר, איך בין גאָט, אַנשטאַט פון איטליכען בְּכוֹר אונטער דיא קינדער יִשְׂרָאֵל, אונד דיא בְּהֵמוֹת פון דיא לְוִיִּם אַנשטאַט פון איטליכען בְּכוֹר אונטער דיא בְּהֵמוֹת פון דיא קינדער יִשְׂרָאֵל:
42 אונד משה האָט געציילט גלייך אַזוי וויא גאָט האָט איהם געבאָטען, איטליכען בְּכוֹר אונטער דיא קינדער יִשְׂרָאֵל:
43 אונד עס זענען געוועזען איטליכער בְּכוֹר, וואס איז איין זָכָר, מיט דיא צאָהל פון דיא נעמען פון איין חודש אַלט אָן אונד דריבער צו זייערע געציילטע, צוויא אונד צוואַנציג טויזענד, צוויא הונדערט אונד דרייא אונד זיבעציג:
44 אונד גאָט האָט גערעדט צו משה אַזוי צו זאָגען:
45 נעם דיא לְוִיִּם אַנשטאַט פון איטליכען בְּכוֹר אונטער דיא קינדער יִשְׂרָאֵל, אונד דיא בְּהֵמוֹת פון דיא לְוִיִּם אַנשטאַט פון זייערע בְּהֵמוֹת, אונד דיא לְוִיִּם זאָלען זיין מיין, איך בין גאָט:
46 אונד דיא דערלייזטע פון דיא צוויא הונדערט אונד דרייא אונד זיבעציג וואס זענען איבעריג מעהר פון דיא לְוִיִּם, פון דיא בְּכוֹרִים פון דיא קינדער יִשְׂרָאֵל:
47 אונד דוא זאָלסט נעמען פינף שְׁקָלִים צו איטליכען קאָפּף, נאך דעם היילינגען שֶׁקֶל נאך זאָלסטו נעמען, צוואַנציג גֵרָה איז דער שֶׁקֶל:
48 אונד דוא זאָלסט געבען דאס געלד צו אַהֲרֹן אונד צו זיינע זיהן, דיא דער־לייזטע וואס זענען איבעריג מעהר פון זייא:
49 אונד משה האָט גענומען דאס געלד פון דיא דערלייזונג פון דיא וואס זענען איבעריג מעהר פון דיא דערלייזטע פון דיא לְוִיִּם:
50 פון דיא בְּכוֹרִים פון דיא קינדער יִשְׂרָאֵל האָט ער גענומען דאס געלד, טויזענד אונד דרייא הונדערט אונד פינף אונד זעכציג, נאך דעם היילינגען שֶׁקֶל נאך:
51 אונד משה האָט געגעבען דאס געלד פון דיא דערלייזטע צו אַהֲרֹן

אונד

אוּנְד צוּ זַיינֶע זִיהְן נָאךְ דֶעם וָוארְט נָאךְ פוּן גָאט, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ מֹשֶׁה:

## קאפיטעל ד

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

2 נֶעם אוֹיף דִיא צָאל פוּן דִיא קִינְדֶער קְהָת פוּן צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער פוּן לֵוִי, צוּ זֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער נָאךְ דֶעם הויז פוּן זֵיירֶע פֶעטֶער:

3 פוּן דְרֵייסִיג יָאהְר אַלְט אָן אוּנְד דַארִיבֶּער בִּיז פוּפְצִיג יָאהְר אַלְט, אִיטְלִיכֶער וָואס קוּמְט צוּ דִיא הֶערְשַׁאר צוּ טְהוּן אַרְבֵּייט אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג:

4 דָאס זָאל זַיין דֶער דִינְסְט פוּן דִיא קִינְדֶער קְהָת אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, וָואס אִיז גַאנְץ הֵיילִיג:

5 אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן זָאלֶען קוּמֶען וֶוען דָאס לַאגֶער צִיהְט, אוּנְד זַייא זָאלֶען אַרוּנְטֶער נֶעמֶען דֶעם פָארְהַאנְג, דִיא דֶעק, אוּנְד זַייא זָאלֶען דֶערְמִיט צוּדֶעקֶען דֶעם קַאסְטֶען פוּן דֶער צֵייגְנִיס:

6 אוּנְד זַייא זָאלֶען טְהוּן אוֹיף אִיהְם דִיא דֶעק פוּן תְּחָשִׁים פֶעל, אוּנְד זַייא זָאלֶען אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען דָאס גַאנְץ בְּלוֹיֶע טוּךְ פוּן אוֹיבֶּען, אוּנְד זַייא זָאלֶען אָנְ־לֵייגֶען זַיינֶע טְרָאג שְׁטַאנְגֶען:

7 אוּנְד אוֹיף דֶעם טִישׁ פוּן דֶעם לֶחֶם הַפָּנִים זָאלֶען זַייא אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען אֵיין בְּלוֹיֶעס טוּךְ, אוּנְד זַייא זָאלֶען טְהוּן דְרוֹיף דִיא שִׁיסֶעלְן אוּנְד דִיא לֶעפֶעל אוּנְד דִיא אָפְּפֶער שָׁאלֶען. אוּנְד דִיא גִיס בֶּעקֶען, אוּנְד דָאס שְׁטֶעטִיגְלִיכֶע בְּרוֹיט זָאל זַיין דַארוֹיף:

8 אוּנְד זַייא זָאלֶען אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען אוֹיף זַייא אֵיין קַארְמִיזִין טוּךְ, אוּנְד זַייא זָאלֶען עֶס צוּדֶעקֶען מִיט אֵיינֶע דֶעק פוּן תְּחָשִׁים פֶעל, אוּנְד זַייא זָאלֶען אָנְלֵייגֶען זַיינֶע טְרָאג שְׁטַאנְגֶען:

9 אוּנְד זַייא זָאלֶען נֶעמֶען אַ בְּלוֹיֶעס טוּךְ אוּנְד זַייא זָאלֶען צוּדֶעקֶען דֶעם לֵייכְטֶער פוּן דֶער לֵייכְטוּנְג. אוּנְד זַיינֶע לָאמְפֶּען, אוּנְד זַיינֶע צְוַואנְגֶען אוּנְד זַיינֶע פֵייעֶר פַאנֶען, אוּנְד אַלֶע דִיא גֶעפֶעס פוּן זַיין אֵייל, וָואס זַייא בֶּעְ־דִינֶען אִיהְם מִיט זַייא:

10 אוּנְד זַייא זָאלֶען עֶס טְהוּן אוּנְד אַלֶע זַיינֶע גֶעפֶעס, אִין דִיא דֶעק אַרֵיין פוּן תְּחָשִׁים פֶעל, אוּנְד זַייא זָאלֶען זַייא טְהוּן אוֹיף אַ שְׁטַאנְג:

11 אוּנְד אוֹיף דֶעם גָאלְדֶענֶעם מִזְבֵּחַ זָאלֶען זַייא אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען אֵיין בְּלוֹיֶעס טוּךְ, אוּנְד זַייא זָאלֶען אִיהְם בֶּעדֶעקֶען מִיט אֵיין דֶעק פוּן תְּחָשִׁים פֶעל, אוּנְד אוּנְד זַייא זָאלֶען אָנְלֵייגֶען זַיינֶע טְרָאג שְׁטַאנְגֶען:

12 אוּנְד זַייא זָאלֶען נֶעמֶען אַלֶע דִיא דִיא גֶעפֶעס פוּן דֶעם דִינְסְט וָואס זַייא דִינֶען מִיט זַייא אִין דֶעם הֵיילִיגְטוּם, אוּנְד זַייא זָאלֶען זַייא טְהוּן אִין אַ בְּלוֹיֶעס טוּךְ אוּנְד זַייא זָאלֶען זַייא צוּדֶעקֶען מִיט דֶער דֶעק פוּן תְּחָשִׁים פֶעל אוּנְד זַייא זָאלֶען זַייא טְהוּן אוֹיף אַ שְׁטַאנְג:

13 אוּנְד זַייא זָאלֶען אָבְּקֶערֶען דִיא אַשׁ פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ אוּנְד זַייא זָאלֶען אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען דְרוֹיף אַ פּוּרְפּוּר טוּךְ:

14 אוּנְד זַייא זָאלֶען טְהוּן אוֹיף אִיהְם אַלֶע זַיינֶע גֶעפֶעס וָואס זַייא דִינֶען אוֹיף אִיהְם מִיט זַייא, דִיא פֵייעֶר פַאנֶען, דִיא גָאבְּלֶען אוּנְד דִיא שׁוּיפְלֶען, אוּנְד

דיא

דיא שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען, אַלֶע דיא גֶעפֶעם
פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד זַייא זָאלֶען
אויסשְׁפְּרֵייטֶען אויף אִיהְם דִיא דֶעק
פוּן תְּחָשִׁים פֶּעל, אוּנְד זַייא זָאלֶען
אָנְלֵייגֶען זַיינֶע טְרָאג שְׁטַאנְגֶען:
15 אוּנְד וָוען אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן
הָאבֶּען פוּלֶענְט צוּ בֶּעדֶעקֶען דָאס
הֵיילִיגְטוּם אוּנְד אַלֶע דִיא הֵיילִיגֶע
גֶעפֶעס וָוען דָאס לַאגֶער צִיהְט, דֶערְנָאךְ
זָאלֶען דִיא קִינְדֶער פוּן קְהָת קוּמֶען צוּ
טְרָאגֶען, אָבֶּער זַייא זָאלֶען נִיט אָנְרִיר-
רֶען אָן דֶעם הֵיילִיגְטוּם, אַז זַייא זָאלֶען
נִיט שְׁטַארְבֶּען, דִיא דָאזִיגֶע זַאבֶען
זֶענֶען דִיא לַאסְט פוּן דִיא קִינְדֶער קְהָת
אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג:
16 אוּנְד דָאס אַמְט פוּן אֶלְעָזָר דֶער
זוּהְן פוּן אַהֲרֹן דֶעם כֹּהֵן, זָאל זַיין דָאס
אֵייל פוּן דִיא לֵייכְטוּנְג, אוּנְד דָאס רויך
וָוערְק פוּן וְואויל שְׁמֶעקֶענְדֶע גֶעוִירְץ,
אוּנְד דָאס שְׁטֶעטִיגְלִיכֶע שְׁפֵּייז אָפְּפֶער,
אוּנְד דָאס אֵייל פוּן דִיא זַאלְבּוּנְג, דָאס
אַמְט פוּן דֶעם גַאנְצֶען מִשְׁכָּן, אוּנְד
אַלֶעם וָואס אִיז אִין אִיהְם אִין דֶעם
הֵיילִיגְטוּם אוּנְד אִין זַיינֶע גֶעפֶעס:
17 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אוּנְד צוּ אַהֲרֹן אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
18 אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְשְׁנֵיידֶען דֶעם
שֵׁבֶט פוּן דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דֶעם
קְהָתִי פוּן צְוִוישֶׁען דִיא לְוִים:
19 אָבֶּער דָאס דָאזִיגֶע טְהוּט צוּ זַייא
אַז זַייא זָאלֶען לֶעבֶּען, אוּנְד זַייא זָאלֶען
נִיט שְׁטַארְבֶּען, וָוען זַייא וָועלֶען זִיךְ
גֶענֶעהֶען צוּ דֶעם גַאנְץ הֵיילִיגֶען.
אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן זָאלֶען קוּמֶען
אוּנְד זַייא זָאלֶען זַייא שְׁטֶעלֶען אִיטְלִי-
כֶען מַאן בַּייא זַיינֶעם דִינְסְט אוּנְד צוּ
זַיין לַאסְט:
20 אָבֶּער זַייא זָאלֶען נִיט אַרַיין
קוּמֶען צוּ זֶעהֶען וָוען מַאן דֶעקְט צוּ
דָאס הֵיילִיגְטוּם, אַז זַייא זָאלֶען נִיט
שְׁטֶערְבֶּען:

נשא

21 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
22 גֶעם אויף דִיא הויפְּטצָאל פוּן דִיא
קִינְדֶער גֵּרְשׁוֹן אויךְ פוּן זַייא, צוּ דֶעם
הויז פוּן זַיירֶע פֶעטֶער נָאךְ זַיירֶע גֶע-
שְׁלֶעכְטֶער:
23 פוּן דְרֵייסִיג יָאהְר אַלְט אָן,
אוּנְד דְרִיבֶּער בִּיז פוּנְפְצִיג יָאהְר אַלְט
זָאלְסְט דוּא זַייא צֵיילֶען, אִיטְלִיכֶער וָואס
קוּמְט צוּ דִינֶען אִין דִיא הֶערשַׁאר, צוּ
דִינֶען דָאס דִינְסְט אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן
דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג:
24 דָאס דָאזִיגֶע אִיז דֶער דִינְסְט פוּן
דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דֶעם גֵּרְשֻׁנִּי צוּ
דִינֶען, אוּנְד צוּ טְרָאגֶען:
25 זַייא זָאלֶען טְרָאגֶען דִיא אִיבֶּער
הֶענְג פוּן דֶעם מִשְׁכָּן אוּנְד דָאס גֶעצֶעלְט
פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, זַיינֶע דֶעק אוּנְד
דִיא דֶעק פוּן תְּחָשִׁים פֶעלֶען וָואס אִיז
אִיבֶּען דַארויף, אוּנְד דִיא דֶעק פוּן
דֶער טִיר פוּן דֶעם אוֹהֶל מוֹעֵד:
26 אוּנְד דִיא אוּמְהֶענְג פוּן דֶעם פָאר-
הויף אוּנְד דִיא דֶעק פוּן דִיא טִיר פוּן
דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם פָארהויף וָואס
אִיז בַּייא דֶעם מִשְׁכָּן אוּנְד בַּייא דֶעם
אָפְּפֶער שְׁטוּהְל רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד זַיירֶע
שְׁטְרִיק אוּנְד אַלֶע דִיא גֶעפֶעס פוּן זַייעֶר
דִינְסְט, פוּן אַלֶעם וָואס אִיז גֶעמַאכְט
צוּ זַייא, אוּנְד זַייא זָאלֶען דִינֶען:
27 נָאךְ דֶעם בֶּעפֶעל נָאךְ פוּן אַהֲרֹן
אוּנְד זַיינֶע זִיהְן זָאל זַיין דֶער גַאנְצֶער
דִינְסְט פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם גֵּרְשֻׁנִּי

צוּ אַלֶע זײיִרֶע לַאסְט אוּנְד צוּ אַלֶע זײיִרֶע דִינְסְט, אוּנְד אִיהְר זָאלְט בֶּעפֶעלֶען אוֹיף זײא אִין דִיא הִיטוּנְג אַלֶע זײיִרֶע לַאסְט׃

28 דָאס דָאזִיגֶע אִיז דֶער דִינְסְט פוּן דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם גֵרְשֻׁנִּי אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד זײיִרֶע הִיטוּנְג דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן אִיתָמָר דֶער זוּהְן פוּן אַהֲרֹן דֶעם כֹּהֵן׃

29 דִיא קִינְדֶער מְרָרִי צוּ זײיִרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער נָאךְ דֶעם הױז פוּן זײיִרֶע פֶעטֶער זָאלְסְט דוּא זײא צֵיילֶען׃

30 פוּן דְרֵייסִיג יָאהְר אָן אוּנְד דְרִיבֶּער אוּנְד בִּיז פוּנְפְצִיג יָאהְר אַלְט זָאלְסְט דוּא זײא צֵיילֶען, אִיטְלִיכֶער וָואס קוּמְט צוּ דִיא הֶערשַׁאר צוּ דִינֶען דֶעם דִינְסְט פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג׃

31 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע אִיז דִיא הִיטוּנְג פוּן זײיִרֶע לַאסְט צוּ זײיִרֶען גַאנְצֶען דִינְסְט אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג, דִיא בְּרֶעטֶער פוּן דֶעם מִשְׁכָּן, אוּנְד זײינֶע רִיגְלֶען, אוּנְד זײינֶע זײילֶען, אוּנְד זײינֶע שְׁוֶועלֶען׃

32 אוּנְד דִיא זײילֶען פוּן דֶעם פָארהױף רִינְג אַרוּם, אוּנְד זײיִרֶע שְׁוֶועלֶען אוּנְד זײיִרֶע נֶענֶעל, אוּנְד זײיִרֶע שְׁטְרִיק, צוּ אַלֶע זײיִרֶע גֶעפֶעס, אוּנְד צוּ זײיִרֶען גַאנְצֶען דִינְסְט, אוּנְד מִיט נֶעמֶען זָאלְט אִיהְר בֶּעפֶעלֶען דִיא גֶעפֶעס פוּן דִיא הִיטוּנְג פוּן זײיִרֶע לַאסְט׃

33 דָאס דָאזִיגֶע אִיז דֶער דִינְסְט פוּן דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דִיא קִינְדֶער מְרָרִי, צוּ זײיִרֶען גַאנְצֶען דִינְסְט אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, דוּרְךְ דִיא הַאנְד אִיתָמָר דֶער זוּהְן פוּן אַהֲרֹן דֶעם כֹּהֵן׃

34 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶע הָאבֶּען גֶעצֵיילְט דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם קְהָתִי נָאךְ זײיִרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, אוּנְד נָאךְ דֶעם הױז פוּן זײיִרֶע פֶעטֶער׃

35 פוּן דְרֵייסִיג יָאהְר אַלְט אָן אוּנְד דְרִיבֶּער אוּנְד בִּיז פוּנְפְצִיג יָאהְר אַלְט, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶער הֶערשַׁאר צוּ דֶעם דִינְסְט אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג׃

36 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זײיִרֶע גֶעצֵיילְטֶע צוּ זײיִרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער צְוֵויא טױזֶענְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּנְפְצִיג׃

37 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעצֵיילְטֶע פוּן דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דֶעם קְהָתִי, אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט גֶעדִינְט אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנג, וָואס מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן הָאבֶּען גֶעצֵיילְט נָאךְ דֶעם וָוארְט נָאךְ פוּן גָאט דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן מֹשֶׁה׃

38 אוּנְד דִיא גֶעצֵיילְטֶע פוּן דִיא זִיהְן פוּן גֵרְשׁוֹן, נָאךְ זײיִרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער אוּנְד נָאךְ דֶעם הױז פוּן זײיִרֶע פֶעטֶער׃

39 פוּן דְרֵייסִיג יָאהְר אַלְט אָן אוּנְד דְרִיבֶּער אוּנְד בִּיז פוּנְפְצִיג יָאהְר אַלְט, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶער הֶערשַׁאר צוּ דֶעם דִינְסְט אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג׃

40 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זײיִרֶע גֶעצֵיילְטֶע צוּ זײיִרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער צוּ דֶעם הױז פוּן זײיִרֶע פֶעטֶער, צְוֵויא טױזֶענְד אוּנְד זֶעקְס הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג׃

41 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעצֵיילְטֶע פוּן דִיא קִינְדֶער גֵרְשׁוֹן, אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט גֶעדִינְט אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, וָואס מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן הָאבֶּען גֶעצֵיילְט נָאךְ דֶעם וָוארְט

נאךְ פוּן גָאט׃

42 אוּנְד דִיא גֶעצֵיילְטֶע פוּן דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דִיא קִינְדֶער מְרָרִי נָאךְ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער נָאךְ דֶעם הויז פוּן זֵייעֶרֶע פֶעטֶער׃

43 פוּן דְרֵייסִיג יָאהְר אַלְט אָן אוּנְד דְרִיבֶּער אוּנְד בִּיז פוּנְפְצִיג יָאהְר אַלְט, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶער הֶערְשַׁאר צוּ דֶעם דִינְסְט אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג׃

44 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זֵייעֶרֶע גֶעצֵיילְטֶע נָאךְ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער דְרֵייא טויזֶענְד אוּנְד צְוֵייא הוּנְדֶערְט׃

45 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעצֵיילְטֶע פוּן דִיא גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דִיא קִינְדֶער מְרָרִי, וָואס מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן הָאבֶּען גֶעצֵיילְט נָאךְ דֶעם וָוארְט נָאךְ פוּן גָאט דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן מֹשֶׁה׃

46 אַלֶע דִיא גֶעצֵיילְטֶע וָואס מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעצֵיילְט פוּן דִיא לְוִיִם, נָאךְ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער נָאךְ אוּנְד דֶעם הויז פוּן זֵייעֶרֶע פֶעטֶער׃

47 פוּן דְרֵייסִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער אוּנְד בִּיז פוּנְפְצִיג יָאהְר אַלְט, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִינֶגען דֶעם דִינְסְט פוּן דִיא אַרְבֵּייט אוּנְד דֶעם דִינְסְט פוּן דִיא לַאסְט אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג׃

48 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זֵייעֶרֶע גֶעצֵיילְטֶע, אַכְט טויזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט אוּנְד אַכְצִיג׃

49 נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן גָאט הָאט מֶען זֵייא גֶעצֵיילְט דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן מֹשֶׁה, אִיטְלִיכֶער נָאךְ זַיין דִינְסְט נָאךְ אוּנְד נָאךְ זַיינֶע לַאסְט נָאךְ, אוּנְד זַיינֶע גֶעצֵיילְטֶע, וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה׃

## קאפיטעל ה

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

2 בֶּעפֶעל דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַז זֵייא זָאלֶען אַוֶועקְשִׁיקֶען פוּן דֶעם לַאגֶער אִיטְלִיכֶען קְרֶעצִיגֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶען פְלִיסִיגֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶען וָואס אִיז אוּמְרֵיין וֶוענֶען אַ טוֹיטֶען׃

3 פוּן אַ זָכָר בִּיז נְקֵבָה זָאלְט אִיהְר אַוֶועק שִׁיקֶען, צוּ אוֹיסְוֵוייניג פוּן דֶעם לַאגֶער זָאלְט אִיהְר זֵייא אַוֶועק שִׁיקֶען, אַז זֵייא זָאלֶען נִיט פֶערְאוּמְרֵיינִיגֶען דָאס לַאגֶער וָואס אִיךְ רוּהֶ אִין צְווִישֶׁען זֵייא׃

4 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטְהוּן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַוֶועק גֶעשִׁיקְט אוֹיסְוֵוייניג פוּן דֶעם לַאגֶער, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעטְהוּן׃

5 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

6 רֵייד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אַיין מַאן אָדֶער אַיין וַוייבּ וֶוען זֵייא וֶועלֶען טְהוּן פוּן אִירְגֶענְד אַ זִינְד פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען, צוּ אִיבֶּערְטְרֶעטֶען אַיינֶע אִיבֶּערְטְרֶעטוּנְג קֶעגֶען גָאט אַזוֹי הָאט דִיא זֶעלְבִּיגֶע זֶעֶל פֶערְשׁוּלְדִיגְט׃

7 אוּנְד זֵייא זָאלֶען בֶּעקֶענֶען זֵייעֶרֶע זִינְד וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן, אוּנְד עֶר זָאל צוּרִיקְגֶעבֶּען זַיינֶע שׁוּלְד מִיט זַיינֶע הוֹיפְּטְצָאל, אוּנְד זַיין פִינְפְטֶעס טֵייל זָאל עֶר עֶס מֶערֶען דֶערְצוּ אוּנְד עֶר זָאל עֶס גֶעבֶּען צוּ דֶעם וָואס עֶר הָאט פֶערְשׁוּלְדִיגְט קֶעגֶען אִיהם׃

8 אוּנְד וֶוען דֶער מַאן הָאט נִיט קֵיין דֶערלֵייזֶער צוּרִיק צוּ גֶעבֶּען דִיא שׁוּלְד

צוּ אִיהְם, אַזוֹי זָאל דִיא שׁוּלְד צוּרִיק
גֶעגֶעבֶּען װערֶען צוּ גָאט, צוּ דֶעם כֹּהֵן,
אוֹיסֶער דֶעם װידֶער פוּן דֶער פֶערזֶעהְנוּנְג
(כִּפּוּרִים) וָואס עֶר זָאל דֶערמִיט מְכַפֵּר
זַיין אוֹיף אִיהְם:

9 אוּנְד אִיטְלִיכֶע אָבְּשֵׁיידוּנְג פוּן אַלֶע
הֵיילִיגֶע זַאכֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
וָואס זַייא װעלֶען גֶענֶעהְנֶען צוּ דֶעם
כֹּהֵן, צוּ אִיהְם זָאל עֶס זַיין:

10 אוּנְד דִיא הֵיילִיגֶע זַאכֶען פוּן אִיטְ-
לִיכֶען מַאן זָאלֶען זַיין צוּ אִיהְם, וָואס
אֵיין מַאן גִיבְּט צוּ דֶעם כֹּהֵן צוּ אִיהְם
זָאל עֶס זַיין:

11 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

12 רֵייד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד
דוּא זָאלְסְט צוּ זַייא זָאגֶען, װען דָאס
װייבּ פוּן אֵיין מַאן װעט אָבְּקֶעהְרֶען אוּנְד
װעט אִיבֶּערטְרֶעטֶען אֵיינֶע אִיבֶּערטְרֶע-
טוּנְג קֶעגֶען אִיהְם:

13 אוּנְד אֵיין מַאן װעט לִיגֶען בֵּייא
אִיהְר מִיט דֶעם לִיגֶען פוּן זֶרַע אוּנְד
עֶס אִיז פֶערהוֹילֶען פוּן אִיהְר מַאן אוּנְד
עֶס אִיז פֶערְבָּארְגֶען, אוּנְד זִיא אִיז
פֶערְאוּמְרֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶס אִיז
נִיט דָא קֵיין עֵדוּת קֶעגֶען אִיהְר, אוּנְד
זִיא אִיז נִיט גֶעפַאנְגֶען גֶעוָוארֶען:

14 אוּנְד עֶס װעט אִיבֶּער אִיהְם קוּמֶען
(אַ רוּחַ קִנְאָה) אֵיינפֶערְרוּכְט אוּנְד עֶר װעט
מְקַנְאָה זַיין אוֹיף זַיין װייבּ, אוּנְד זִיא
אִיז פֶערְאוּמְרֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען, אָדֶער
עֶס װעט אִיבֶּער אִיהְם קוּמֶען אַ
רוּחַ קִנְאָה, אוּנְד עֶר װעט מְקַנְאָה זַיין
אוֹיף זַיין װייבּ אוּנְד זִיא אִיז נִיט פֶער-
אוּמְרֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען:

15 אַזוֹי זָאל דֶער מַאן בְּרֶענְגֶען זַיין
װייבּ צוּ דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד עֶר זָאל
בְּרֶענְגֶען אִיהְר אָפְּפֶער פוּן אִיהְרֶעט
װעגֶען, אֵיין צֶעהְנְטֵייל פוּן אֵיין אֵיפָה
פוּן גֶערְשְׁטֶען מֶעל, עֶר זָאל נִיט גִיסֶען
קֵיין אֵייל דְרוֹיף, אוּנְד עֶר זָאל נִיט
טְהוּן דְרוֹיף קֵיין װֵיירוֹיךְ, וָוארִין עֶס אִיז
אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער פוּן קִנְאָה, עֶס אִיז
אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער פוּן גֶעדֶעכְטְנִיס וָואס
מַאכְט גֶעדֶענְקֶען דִיא זִינְד:

16 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זִיא גֶענֶעהְנֶען
אוּנְד זָאל זִיא שְׁטֶעלֶען פַאר גָאט:

17 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל נֶעמֶען הֵיילִיגֶע
װַאסֶערֶען אִין אֵיינֶעם אִירְדֶענֶען גֶע-
פֶעס, אוּנְד פוּן דֶעם שְׁטוֹיבּ וָואס אִיז
אוֹיף דֶער עֶרְד פוּן דֶעם מִשְׁכָּן זָאל
דֶער כֹּהֵן נֶעמֶען, אוּנְד עֶר זָאל עֶס
טְהוּן אִין דֶעם װַאסֶער:

18 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל שְׁטֶעלֶען דָאס
װייבּ צוּ פַאר גָאט, אוּנְד עֶר זָאל אוֹיפְ-
דֶעקֶען דֶעם קָאפְּף פוּן דֶעם װייבּ, אוּנְד
עֶר זָאל טְהוּן אוֹיף אִיהְרֶע הֶענְד דָאס
שְׁפֵּייז אָפְּפֶער פוּן גֶעדֶעכְטְנִיס, דָאס
אִיז דָאס שְׁפֵּייז אָפְּפֶער פוּן קִנְאָה, אוּנְד
אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם כֹּהֵן זָאלֶען זַיין
דִיא בִּיטֶערֶע װַאסֶערֶען וָואס מַאכֶען
פֶערְפְלוּכְט:

19 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זִיא בֶּעשְׁװערֶען
אוּנְד עֶר זָאל זָאגֶען צוּ דֶעם װייבּ, װען
קֵיין מַאן אִיז נִיט גֶעלֶעגֶען בֵּייא דִיר,
אוּנְד װען דוּא הָאסְט נִיט אָבְּגֶעקֶעהְרְט צוּ
אוּמְרֵיינִיגְקֵייט מִיט אֵיין אַנְדֶערֶען אָן
שְׁטָאט מִיט דֵיין מַאן, אַזוֹי זַייא פְּרֵייא
פוּן דִיא דָאזִיגֶע בִּיטֶערֶע װַאסֶערֶען וָואס
מַאכֶען פֶערְפְלוּכְט:

20 אָבֶּער װען דוּא הָאסְט אָבְּגֶע-
קֶעהְרְט צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען אָנְשְׁטָאט פוּן
דֵיין מַאן, אוּנְד װען דוּא בִּיסְט פֶער-
אוּמְרֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אֵיין

אַנדערער מַאן האָט מיט דיר געליגען אויסער דיין מַאן:

21 אַזוי זאָל דער כהן בעשווערען דאָס ווייב מיט דיא שבועה פון דעם פלוך, אונד דער כהן זאָל זאָגען צו דעם ווייב, גאָט זאָל דיך מאַכען צו איין פלוך אונד צו איין שבועה צווישען דיין פאָלק, אַז גאָט זאָל מאַכען דיין דיכט אָבפוילען אונד דיין בויך געשוואָלען:

22 אונד דיא דאָזיגע וואַסערען וואָס מאַכען פערפלוכט זאָלען קומען אין דיינע געדערים אַריין, צו מאַכען געשוואָלען דעם בויך, אונד צו מאַכען אָבפוילען דעם דיכט, אונד דאָס ווייב זאָל זאָגען אָמן, אָמן:

23 אונד דער כהן זאָל שרייבען דעם דאָזיגע פלוך אין דעם בוך, אונד ער זאָל דאָס אָבמעקען מיט דיא ביטערע וואַסערען:

24 אונד ער זאָל אָנטרינקען דאָס ווייב מיט דיא ביטערע וואַסערען וואָס מאַכען פערפלוכט, אונד דיא וואַסערען וואָס מאַכען פערפלוכט זאָלען קומען אין איהר אַריין צו ביטערקייט:

25 אונד דער כהן זאָל נעמען פון דיא האַנד פון דעם ווייב דאָס שפייז אָפּפער פון קנאָה, אונד ער זאָל אויפהייבען דאָס שפייז אָפּפער צו פאַר גאָט, אונד ער זאָל עס גענעהנען צו דעם (מזבח):

26 אונד דער כהן זאָל נעמען איינע האַנד פול פון דעם שפייז אָפּפער׳ איהר געדעכטניס, אונד ער זאָל עס דעמפען אויף דעם אָפּפער שטוהל, אונד דערנאָך זאָל ער אָנטרינקען דאָס ווייב מיט דעם וואַסער:

27 אונד נאָך דעם אַז ער האָט זיא אָנגעטרונקען מיט דעם וואַסער אַזוי וועט עס זיין, ווען זיא איז פעראומריינגט געוואָרען, אונד זיא האָט איבער־געטרעטען איינע איבערטרעטונג קעגען איהר מַאן, אַזוי וועלען דיא וואַסערען וואָס מאַכען פערפלוכט אין איהר אַ־ריינקומען צו ביטערקייט, אונד איהר בויך וועט געשוואָלען ווערען אונד איהר דיכט וועט אָבפוילען, אונד דאָס ווייב וועט ווערען צו איין פלוך אין צווישען איהר פאָלק:

28 אונד ווען דאָס ווייב איז ניט פער־אומריינגט געוואָרען, אונד זיא איז ריין, אַזוי זאָל זיא פרייא זיין, אונד זיא וועט בעזאַמט ווערען מיט זאָמען:

29 דאָס דאָזיגע איז דיא לערנונג פון קנאות, (אייפערזיכט) ווען איין ווייב אָפּקערט (צו איינעם אַנדערען) אָן שטאָט פון איהר מַאן, אונד זיא וועט פעראומריינגט ווערען:

30 אָדער ווען עס וועט קומען איבער אַ מַאן דער רוח קנאָה אונד ער וועט זיין ווייב מקנאָה זיין אונד ער וועט שטעלען זיין ווייב צו פאַר גאָט, אונד דער כהן זאָל מאַכען צו איהר דיא גאַנצע דאָזיגע לערנונג:

31 אונד דער מַאן זאָל פרייא זיין פון מיסעטהאַט, אונד דאָס זעלביגע ווייב זאָל טראָגען איהרע מיסעטהאַט:

קאַפּיטעל ו

א אונד גאָט האָט גערעט צו משה אַזוי צו זאָגען:

2 רייד צו דיא קינדער ישראל אונד דוא זאָלסט צו זייא זאָגען, ווען איין מַאן אָדער איין ווייב וועט זיך אָבזאָנדערען מנדר צו זיין איין נדר פון איין

נָזִיר, צוּ זַיין אַ נָזִיר צוּ גָאט:

3 פוּן וויין אוּנְד פוּן שְׁטַארְק גֶעטְרֶענְק זָאל עֶר זִיךְ אָפְּשֵׁיידֶען, עֶסִיג פוּן וויין אוּנְד עֶסִיג פוּן שְׁטַארְק גֶעטְרֶענְק זָאל עֶר נִיט טְרִינְקֶען, אוּנְד קֵיין גֶערְלַייא גֶעטְרֶענְק פוּן וויין טְרוֹיבֶּען זָאל עֶר נִיט טְרִינְקֶען, אוּנְד פְרִישֶׁע אָדֶער דַארֶע טְרוֹיבֶּען זָאל עֶר נִיט עֶסֶען:

4 אַלֶע דִיא טֶעג פוּן זַיינֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן אַלֶעם וָואס וֶוערְט גֶעמַאכְט פוּן דֶעם ווַיינְשְׁטָאק, פוּן וויין קֶערְנֶער אוּנְד בִּיז שָׁאלֶעכְץ זָאל עֶר נִיט עֶסֶען:

5 אַלֶע דִיא טֶעג פוּן דֶעם נֶדֶר פוּן זַיינֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג זָאל עֶר קֵיין שֶׁערְמֶעסֶער נִיט אִיבֶּערְפִיהְרֶען אוֹיף זַיין קָאפְּף, בִּיז עֶר הָאט דֶערְפִילְט דִיא טֶעג וָואס עֶר הָאט אָפְּגֶעשֵׁייד, צוּ גָאט זָאל עֶר הֵיילִיג זַיין, עֶר זָאל לָאזֶען וַואקְסֶען דִיא הָאר פוּן זַיין קָאפְּף:

6 אַלֶע דִיא טֶעג וָואס עֶר הָאט זִיךְ אָפְּגֶעשֵׁייט צוּ גָאט זָאל עֶר נִיט קוּמֶען צוּ קֵיין טוֹיטֶען:

7 פוּן וֶועגֶען זַיין פָאטֶער אוּנְד פוּן וֶועגֶען זַיינֶע מוּטֶער, פוּן וֶועגֶען זַיין בְּרוּדֶער אוּנְד פוּן וֶועגֶען זַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער זָאל עֶר זִיךְ נִיט פֶערְאוּמְרֵיינִיגֶען וֶועגֶען זֵייא, וֶוען זֵייא שְׁטַארְבֶּען, דֶען דִיא אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן זַיין גָאט אִיז אוֹיף זַיין קָאפְּף:

8 אַלֶע טֶעג פוּן זַיינֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג זָאל עֶר הֵיילִיג זַיין צוּ גָאט:

9 אוּנְד וֶוען אֵיין מַאן וֶועט שְׁטַארְבֶּען גַאנְץ פְּלוּצְלִינְג בֵּייא אִיהְם, אוּנְד הָאט פֶערְאוּמְרֵיינִיגְט דֶעם קָאפְּף פוּן זַיינֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג, אַזוֹי זָאל עֶר אָפְּשֶׁערֶען זַיין קָאפְּף הָאר אִין דִיא טֶעג פוּן זַיינֶע רֵיינִיגוּנְג, אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג זָאל עֶר עֶס אָפְּשֶׁערֶען:

10 אוּנְד אִין דֶעם אַכְטֶען טָאג זָאל עֶר בְּרֶענְגֶען צְווייא טוּרְטֶעל טוֹיבֶּען אָדֶער צְווייא יוּנְגֶע טוֹיבֶּען צוּ דֶעם כֹּהֵן צוּ דֶער טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן פֶערזַאמְלוּנְג:

11 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מַאכֶען דָאס אֵיינֶע פַאר אַ זִינְד אָפְּפֶער, אוּנְד דָאס אַנְדֶערֶע צוּ אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד עֶר זָאל מְכַפֵּר זַיין פַאר אִיהְם פוּן דֶעם וָואס עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט בֵּייא דֶעם טוֹיטֶען, אוּנְד עֶר זָאל הֵיילִיגֶען זַיין קָאפְּף אִין דֶעם זֶעלְבִּיגֶען טָאג:

12 אוּנְד עֶר זָאל הֵיילִיגֶען צוּ גָאט דִיא טֶעג פוּן זַיינֶע אָפְּזוּנְדֶערוּנְג אוּנְד עֶר זָאל בְּרֶענְגֶען אֵיין לַאם אֵיין יָאהְר אַלְט אַלְס אֵיין שׁוּלְד אָפְּפֶער, אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע טֶעג זָאלֶען אַוֶועק פַאלֶען, ווייל זַיינֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג אִיז פֶערְאוּמְרֵיינִיגְט:

13 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע אִיז דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דֶעם נָזִיר, אִין דֶעם טָאג וָואס עֶר וֶועט דֶערְפִילֶען דִיא טֶעג פוּן זַיינֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג, עֶר זָאל אִיהְם בְּרֶענְגֶען צוּ דִיא טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג:

14 אוּנְד עֶר זָאל גֶענֶעהְנֶען זַיין אָפְּפֶער צוּ גָאט, אֵיין לַאם אֵיין יָאהְר אַלְט אָהְן אַ פֶעלֶער, צוּ אֵיין זִינְד אָפְּפֶער, אוּנְד אֵיין לַאם אֵיין יָאהְר אַלְט אָהְן אַ פֶעלֶער אַלְס אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער אוּנְד אֵיין ווידֶער אָהְן אַ פֶעלֶער צוּ אֵיין פְרִיד אָפְּפֶער:

15 אוּנְד אֵיין קָארְבּ מִיט מַצּוֹת פוּן זֶעמֶעל מֶעהְל, קוּכֶען עֶמִישְׁט מִיט אֵייל אוּנְד דִינֶע קוּכֶען מַצּוֹת בֶּעשְׁמִירְט מִיט אֵייל, אוּנְד זֵיירֶע שְׁפֵּייז אָפְּפֶער, אוּנְד זֵיירֶע גִיסוּנְגֶען:

16 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל גֶענֶעהְנֶען צוּ

פַּאר גָאט, אוּנְד עֶר זָאל מַאכֶען זַיין
זִינְד אָפְּפֶּער אוּנְד זַיין בְּרַאנְד אָפְּפֶּער:
17 אוּנְד דֶעם ווִידֶער זָאל עֶר מַאכֶען
אַלְס אַיין פְּרִיד אָפְּפֶּער צוּ גָאט מִיט דֶעם
קָרְב מִיט מַצוֹת, אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל
מַאכֶען זַיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶּער אוּנְד טְרִינְק
אָפְּפֶּער:
18 אוּנְד דֶער נָזִיר זָאל אָבְשֶׁערֶען דִיא
קָאפְּף הָאר פוּן זַיינֶע אָבְשֵׁיידוּנְג בֵּייא
דִיא טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער פֶּערְ-
זַאמְלוּנְג, אוּנְד עֶר זָאל נֶעמֶען דִיא הָאר
פוּן דֶעם קָאפְּף פוּן זַיינֶע אָבְשֵׁיידוּנְג
אוּנְד עֶר זָאל עֶס לֵייגֶען אוֹיף דֶעם פֵייעֶר
וָואס אִיז אוּנְטֶער דֶעם פְּרִיד אָפְּפֶּער:
19 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל נֶעמֶען דִיא
גֶעזָאטֶענֶע שׁוּלְטֶער פוּן דֶעם ווִידֶער
אוּנְד אַיין מַצָּה קוּכֶען, פוּן דֶעם קָארְב
אוּנְד אַיין דִינֶען מַצָּה קוּכֶען, עֶר זָאל
זַייא גֶעבֶּען אוֹיף דִיא הֶענְד פוּן דֶעם
נָזִיר, נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט זִיךְ אָבְגֶע-
שָׁארֶען דִיא הָאר פוּן זַיינֶע אָבְשֵׁיידוּנְג:
20 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זַייא אוֹיפְהֵייבֶען
אַיינֶע אוֹיפְהֵייבוּנְג פַאר גָאט, דָאס אִיז
הֵיילִיג צוּ דֶעם כֹּהֵן מִיט דִיא בְּרוּסְט
פוּן דִיא אוֹיפְהֵייבוּנְג אוּנְד מִיט דִיא
שׁוּלְטֶער פוּן דִיא אָבְשֵׁיידוּנְג, אוּנְד דֶער-
נָאךְ מֶעג דֶער נָזִיר ווַיין טְרִינְקֶען:
21 דָאס דָאזִיגֶע אִיז דִיא לֶערְנוּנְג פוּן
דֶעם נָזִיר וָואס הָאט גֶעמַאכְט אַ נֶדֶר, זַיין
אָפְּפֶּער צוּ גָאט מִיט זַיינֶע אָבְשֵׁיידוּנְג,
אוֹיסֶער וָואס זַיינֶע הֶענְד וֶועט גְרֵייכֶען
גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא זַיין נֶדֶר וָואס עֶר וֶועט
מְנַדֵר זַיין אַזוֹי זָאל עֶר טְהוּן נָאךְ דִיא
לֶערְנוּנְג נָאךְ פוּן זַיינֶע אָבְשֵׁיידוּנְג:
22 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעדט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
23 רֵייד צוּ אַהֲרֹן אוּנְד צוּ זַיינֶע זִיהְן
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר בֶּענְשֶׁען
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, זָאגֶען צוּ זַייא:
24 גָאט זָאל דִיךְ בֶּענְשֶׁען, אוּנְד עֶר
זָאל דִיךְ הִיטֶען:
25 גָאט זָאל לֵייכְטֶען זַיין אָנְגֶעזִיכְט
צוּ דִיר, אוּנְד עֶר זָאל דִיךְ בֶּעגְנֶעדִיגֶען:
26 גָאט זָאל אוֹיף הֵייבֶען זַיין אָנְ-
גֶעזִיכְט אוֹיף דִיר אוּנְד עֶר זָאל דִיר
גֶעבֶּען פְרִידֶען:
27 אוּנְד זַייא זָאלֶען טְהוּן מֵיין נָאמֶען
אוֹיף דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיךְ
וֶועל זַייא בֶּענְשֶׁען:

## קאפיטעל ז

א אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
טָאג וֶוען מֹשֶׁה הָאט פוֹלֶענְט אוֹיפְצוּ-
שְׁטֶעלֶען דָאס מִשְׁכָּן, אוּנְד עֶר הָאט
עֶס גֶעזַאלְבְּט, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶע-
הֵיילִיגְט אוּנְד אַלֶע זַיינֶע כֵּלִים, אוּנְד
דֶעם אָפְּפֶּער שְׁטוּהְל אוּנְד אַלֶע זַיינֶע
כֵּלִים, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעזַאלְבְּט,
אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעהֵיילִיגְט:
2 אַזוֹי הָאבֶּען גֶענֶעהְנְט דִיא פִירְשְׁטֶען
פוּן יִשְׂרָאֵל, דִיא הוֹיפְּט לֵייט פוּן דֶעם
הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל, דִיא הוֹיפְּט לֵייט פוּן
דֶעם הוֹיז פוּן זַיירֶע פֶּעטֶער, זַייא זֶענֶען
דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דִיא שְׁבָטִים וָואס
שְׁטֵייעֶן אִיבֶּער דִיא גֶעצֵיילְטֶע:
3 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט זַיירֶע
אָפְּפֶּער צוּ פַאר גָאט, זֶעקְס בֶּעדֶעקְטֶע
וֶועגֶען, אוּנְד צְוֶועלְף רִינְדֶער, אַיין
וָואגֶען צוּ צְווייא פִירְשְׁטֶען, אוּנְד אַיין
אָקְס צוּ אַיינֶעם, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא
גֶענֶעהֶנְט צוּ פַאר דֶעם מִשְׁכָּן:
4 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
5 נֶעם פוּן זַייא אוּנְד זַייא זָאלֶען זַיין
צוּ דִינֶען דֶעם דִינְסְט פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט

פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלסְט זַייא גֶעבֶּען צוּ דִיא לְוִים, אִיטְלִיכֶען נָאךְ זַיין דִינְסְט נָאךְ:

6 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען דִיא וָועגֶען אוּנְד דִיא רִינְדֶער, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא לְוִים:

7 צְווייא וָועגֶען אוּנְד פִּיער רִינְדֶער, הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא קִינְדֶער גֵרְשׁוֹן, נָאךְ זַייעֶר דִינְסְט נָאךְ:

8 אוּנְד פִּיער וָועגֶען אוּנְד אַכְט רִינְדֶער הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא קִינְדֶער מְרָרִי, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא זַייעֶר דִינְסְט, דוּרְךְ דִיא הֶענְד פוּן אִיתָמָר, דֶער זוּהְן פוּן אַהֲרֹן דֶעם כֹּהֵן:

9 אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער קְהָת הָאט עֶר נִיט גֶעגֶעבֶּען, ווייל דֶער דִינְסְט פוּן דֶעם הֵיילִיגְטוּם וָואס אִיז אוֹיף זַייא הָאבֶּען זַייא גֶעמוּזְט טְרָאגֶען אוֹיף דִיא אַקְסֶעלְן:

10 אוּנְד דִיא פִּירְשְׁטֶען הָאבֶּען גֶענֶעהְנְט דִיא אֵיינְוֵויהוּנְג פוּן דֶעם אָפְּפֶער שְׁטוּהְל (חֲנֻכַּת הַמִּזְבֵּחַ) אִין דֶעם טָאג וָואס עֶר אִיז גֶעזַאלְבְּט גֶעוָוארֶען. אוּנְד דִיא פִּירְשְׁטֶען הָאבֶּען גֶענֶעהְנְט זַיירֶע אָפְּפֶער צוּ פַאר דֶעם אָפְּפֶער שְׁטוּהְל:

11 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, אִיטְלִיכֶער פִּירְשְׁט פַאר אִיטְלִיכֶען טָאג זָאלֶען זַייא גֶענֶעהְנֶען זַיירֶע אָפְּפֶער צוּ דֶער וֵויהוּנְג פוּן דֶעם אָפְּפֶער שְׁטוּהְל:

12 אוּנְד דֶער וָואס הָאט גֶענֶעהְנְט זַיין אָפְּפֶער אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אִיז גֶעוֶועזֶען נַחְשׁוֹן דֶער זוּהְן פוּן עַמִּינָדָב פוּן דֶעם שֵׁבֶט יְהוּדָה:

13 אוּנְד זַיין אָפְּפֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע זִילְבֶּערְנֶע שִׁיסֶעל, אִיהְר גֶעוִויכְט וַואר הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג שֶׁקֶל, אֵיין זִילְבֶּערְנֶער שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען, זִיבְּצִיג שֶׁקֶל שְׁוֶוער, נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ בֵּיידֶע פוּל מִיט זֶעמֶעל מֶעהְל גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל צוּ אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער:

14 אֵיין גָאלְדֶענֶעם לֶעפֶעל, צֶעהֶען שֶׁקֶל שְׁוֶוער, פוּל מִיט רוֹיכְוֶוערְק:

15 אֵיין יוּנְגֶען שְׁטִיעֶר, אֵיין וִוידֶער אֵיין לַאם, אֵיין יָאהְר אַלְט, צוּ אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער:

16 אֵיין צִיגֶען בֶּעקֶעל אַלְס אֵיין זִינְד אָפְּפֶער:

17 אוּנְד אַלְס אֵיין פְרִיד אָפְּפֶער צְווייא רִינְדֶער, פִינְף וִוידֶער, פִינְף בֶּעק, פִינְף לֶעמֶער, אֵיין יָאהְר אַלְט, דָאס דָאזִיגֶע אִיז דָאס אָפְּפֶער פוּן נַחְשׁוֹן דֶער זוּהְן פוּן עַמִּינָדָב:

18 אִין דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאט גֶענֶעהְנְט נְתַנְאֵל דֶער זוּהְן פוּן צוּעָר, דֶער זוּהְן פוּן יִשָּׂשכָר:

19 עֶר הָאט גֶענֶעהְנְט זַיין אָפְּפֶער אֵיינֶע זִילְבֶּערְנֶע שִׁיסֶעל, הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג שֶׁקֶל אִיהְר גֶעוִויכְט, אֵיין זִילְבֶּערְנֶער שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען. זִיבְּצִיג שֶׁקֶל שְׁוֶוער, נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ בֵּיידֶע פוּל מִיט זֶעמֶעל מֶעהְל גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל פַאר אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער:

20 אֵיין גָאלְדֶערְנֶעם לֶעפֶעל, צֶעהֶען שֶׁקֶל שְׁוֶוער, פוּל מִיט רוֹיכְוֶוערְק:

21 אֵיין יוּנְגֶען שְׁטִיעֶר, אֵיין וִוידֶער, אֵיין לַאם, אֵיין יָאהְר אַלְט אַלְס אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער:

22 אֵיין צִיגֶענְבֶּעקֶעל פַאר אַ זִינְד אָפְּפֶער:

23 אוּנְד אַלְס אֵיין פְרִידאָפְּפֶער צְווייא רִינְדֶער, פִינְף וִוידֶער, פִינְף בֶּעק, פִינְף לֶעמֶער אֵיין יָאהְר אַלְט, דָאס דָאזִיגֶע אִיז דָאס אָפְּפֶער פוּן נְתַנְאֵל דֶער זוּהְן

פוּן צוֹעָר :

24 אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער זְבוּלֻן, אֱלִיאָב דֶער זוּהְן פוּן חֵלוֹן :

25 זַיין אָפְּפֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע זִילְבֶּערְנֶע שִׁיסֶעל, הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג שֶׁקֶל אִיהְר גֶעוִויכְט, אֵיין זִילְבֶּערְנֶע שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען, זִיבְּצִיג שֶׁקֶל שְׁוֶוער, בֵּיידֶע נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ, פוּל מִיט זֶעמֶעל מֶעהְל גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל אַלְס אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער :

26 אֵיין גָאלְדֶענֶעם לֶעפֶעל, צֶעהֶען שֶׁקֶל שְׁוֶוער, פוּל פוּן רוֹיכְוֶוערק :

27 אֵיין יוּנְגֶען שְׁטִיעֶר, אֵיין וִוידֶער, אֵיין לַאם, אַ יָאהְר אַלְט אַלְס אַ בְּרַאנְד־ אָפְּפֶער :

28 אֵיין צִיגֶען בֶּעקֶעל אַלְס אֵיין זִינְד אָפְּפֶער :

29 אוּנְד אַלְס אֵיין פְרִיד אָפְּפֶער צְוֵויא רִינְדֶער, פִינְף וִוידֶער, פִינְף בֶּעק, פִינְף לֶעמֶער אֵיין יָאהְר אַלְט, דָאס דָאזִיגֶע אִיז דָאס אָפְּפֶער פוּן אֱלִיאָב דֶער זוּהְן פוּן חֵלוֹן :

30 אִין דֶעם פִירְטֶען טָאג, דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער רְאוּבֵן, אֱלִיצוּר דֶער זוּהְן פוּן שְׁדֵיאוּר :

31 זַיין אָפְּפֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע זִילְ־ בֶּערְנֶע שִׁיסֶעל, הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג שֶׁקֶל אִיהְר גֶעוִויכְט, אֵיין זִילְבֶּערְנֶער שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען, זִיבְּצִיג שֶׁקֶל שְׁוֶוער, נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ, זֵייא בֵּיידֶע פוּל מִיט זֶעמֶעל מֶעהְל גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל אַלְס אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער :

32 אֵיין גָאלְדֶערְנֶעם לֶעפֶעל, צֶעהֶען שֶׁקֶל שְׁוֶוער פוּל מִיט רוֹיכְוֶוערְק :

33 אֵיין יוּנְגֶען שְׁטִיעֶר, אֵיין וִוידֶער, אֵיין לַאם אֵיין יָאהְר אַלְט, אַלְס אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער :

34 אֵיין צִיגֶען בֶּעקֶל אַלְס אֵיין זִינְד אָפְּפֶער :

35 אוּנְד אַלְס אֵיין פְרִיד אָפְּפֶער, צְוֵויא רִינְדֶער, פִינְף וִוידֶער, פִינְף בֶּעק, פִינְף לֶעמֶער אֵיין יָאהְר אַלְט, דָאס דָאזִיגֶע אִיז דֶער אָפְּפֶער פוּן אֱלִיצוּר דֶער זוּהְן פוּן שְׁדֵיאוּר :

36 אִין דֶעם פִינְפְטֶען טָאג, דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער שִׁמְעוֹן, שְׁלֻמִיאֵל דֶער זוּהְן פוּן צוּרִישַׁדָי :

37 זַיין אָפְּפֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע זִילְבֶּערְנֶע שִׁיסֶעל, הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג שֶׁקֶל אִיהְר גֶעוִויכְט, אֵיין זִילְבֶּערְנֶער שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען, זִיבְּצִיג שֶׁקֶל שְׁוֶוער, בֵּיידֶע נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ, פוּל מִיט זֶעמֶעל מֶעהְל גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל אַלְס אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער :

38 אֵיין גָאלְדֶענֶעם לֶעפֶעל צֶעהֶען שֶׁקֶל שְׁוֶוער פוּל מִיט רוֹיכְוֶוערְק :

39 אֵיין יוּנְגֶער שְׁטִיעֶר, אֵיין וִוידֶער אֵיין לַאם, אֵיין יָאהְר אַלְט אַלְס אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער :

40 אֵיין צִיגֶען בֶּעקֶעל אַלְס אֵיין זִינְד אָפְּפֶער :

41 אוּנְד אַלְס אֵיין פְרִיד אָפְּפֶער, צְוֵויא רִינְדֶער, פִינְף וִוידֶער, פִינְף בֶּעק, פִינְף לֶעמֶער, אֵיין יָאהְר אַלְט, דָאס דָאזִיגֶע אִיז דֶער אָפְּפֶער פוּן שְׁלֻמִיאֵל דֶער זוּהְן פוּן צוּרִישַׁדָי :

42 אִין דֶעם זֶעקְסְטֶען טָאג דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער גָד, אֶלְיָסָף דֶער זוּהְן פוּן דְעוּאֵל :

43 זַיין אָפְּפֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע זִילְבֶּערְנֶע שִׁיסֶעל, הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג שֶׁקֶל אִיהְר גֶעוִויכְט, אֵיין זִילְבֶּערְנֶער שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען, זִיבְּצִיג שֶׁקֶל שְׁוֶוער, נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ, בֵּיידֶע

פוּל מִיט זֶעמֶעל מֶעהְל גֶעמִישְׁט מִיט
אֵייל, אַלְס אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער:
44 אֵיין גָאלְדֶענֶעם לֶעפֶּעל צֶעהֶן שֶׁקֶל
שְׁוֶוער, פּוּל מִיט רוֹיכְוֶוערְק:
45 אֵיין יוּנְגֶען שְׁטִיער, אֵיין ווִידֶער,
אֵיין לַאם אֵיין יָאהְר אַלְט, אַלְס אֵיין
בְּרַאנְד אָפְּפֶער:
46 אֵיין צִיגֶען בֶּעקֶל אַלְס אֵיין זִינְד
אָפְּפֶער:
47 אוּנְד אַלְס אֵיין פְרִיד אָפְּפֶער, צְווייא
רִינְדֶער, פִּינְף ווִידֶער, פִּינְף בֶּעק, פִּינְף
לֶעמֶער אֵיין יָאהְר אַלְט, דָאס דָאזִיגֶע
אִיז דָאס אָפְּפֶער פוּן אֶלְיָאסָף דֶער זוּהְן
פוּן דְעוּאֵל:
48 אִין דֶעם זִיבְּטֶען טָאג, דֶער פִירְשְׁט
פוּן דִיא קִינְדֶער אֶפְרָיִם, אֱלִישָׁמָע דֶער
זוּהְן פוּן עַמִיהוּד:
49 זַיין אָפְּפֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע
זִילְבֶּערְנֶע שִׁיסֶעל, הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרַייא-
סִיג שֶׁקֶל אִיהְר גֶעוִויכְט, אֵיין זִילְבֶּערְנֶער
שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען, זִיבְּצִיג שֶׁקֶל שְׁוֶוער,
נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ, בֵּיידֶע
פוּל מִיט זֶעמֶעל מֶעהְל גֶעמִישְׁט מִיט
אֵייל צוּ אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער:
50 אֵיין גָאלְדֶענֶעם לֶעפֶּעל צֶעהֶען
שֶׁקֶל שְׁוֶוער פוּל מִיט רויך וֶוערְק:
51 אֵיין יוּנְגֶען שְׁטִיעֶר, אֵיין ווִידֶער,
אֵיין לַאם אֵיין יָאהְר אַלְט, אַלְס אֵיין
בְּרַאנְד אָפְּפֶער:
52 אֵיין צִיגֶען בֶּעקֶעל אַלְס אַ זִינְדאָפְּפֶער:
53 אוּנְד אַלְס אֵיין פְרִיד אָפְּפֶער,
צְווייא רִינְדֶער, פִּינְף ווִידֶער פִּינְף בֶּעק,
פִּינְף לֶעמֶער, אֵיין יָאהְר אַלְט,
דָאס דָאזִיגֶע אִיז דָאס אָפְּפֶער פוּן
אֱלִישָׁמָע דֶער זוּהְן פוּן עַמִיהוּד:
54 אִין דֶעם אַכְטֶען טָאג, דֶער פִירְשְׁט
פוּן דִיא קִינְדֶער מְנַשֶּׁה, גַמְלִיאֵל דֶער
זוּהְן פוּן פְּדָהצוּר:
55 זַיין אָפְּפֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע
זִילְבֶּערְנֶע שִׁיסֶעל, הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרַייא-
סִיג שֶׁקֶל אִיהְר גֶעוִויכְט אֵיין זִילְבֶּערְנֶער
שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען, זִיבְּצִיג שֶׁקֶל שְׁוֶוער,
נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ, בֵּיידֶע
פוּל מִיט זֶעמֶעל מֶעהְל גֶעמִישְׁט מִיט
אֵייל אַלְס אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער:
56 אֵיין גָאלְדֶענֶער לֶעפֶּעל צֶעהֶען
שֶׁקֶל שְׁוֶוער פוּל מִיט רויכְוֶוערְק:
57 אֵיין יוּנְגֶען שְׁטִיער, אֵיין ווִידֶער,
אֵיין לַאם אֵיין יָאהְר אַלְט, צוּ אֵיין
בְּרַאנְד אָפְּפֶער:
58 אֵיין צִיגֶען בֶּעקֶעל אַלְס אֵיין זִינְד
אָפְּפֶער:
59 אוּנְד אַלְס אֵיין פְרִידאָפְּפֶער, צְווייא
רִינְדֶער, פִּינְף ווִידֶער פִּינְף בֶּעק, פִּינְף
לֶעמֶער, אֵיין יָאהְר אַלְט, דָאס דָאזִיגֶע
אִיז דָאס אָפְּפֶער פוּן גַמְלִיאֵל דֶער זוּהְן
פוּן פְּדָהצוּר:
60 אִין דֶעם נֵיינְטֶען טָאג, דֶער פִירְשְׁט
פוּן דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִין, אֲבִידָן דֶער
זוּהְן פוּן גִדְעֹנִי:
61 זַיין אָפְּפֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע
זִילְבֶּערְנֶע שִׁיסֶעל, הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרַייא-
סִיג שֶׁקֶל אִיהְר גֶעוִויכְט, אֵיין זִילְבֶּערְנֶע
שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען, זִיבְּצִיג שֶׁקֶל שְׁוֶוער,
נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ, בֵּיידֶע
פוּל מִיט זֶעמֶעל מֶעהְל, גֶעמִישְׁט
מִיט אֵייל אַלְס אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער:
62 אֵיין גָאלְדֶערְנֶעם לֶעפֶּעל צֶעהֶען
שֶׁקֶל שְׁוֶוער, פוּל מִיט רויכְוֶוערְק:
63 אֵיין יוּנְגֶען שְׁטִיער, אֵיין ווִידֶער
אֵיין לַאם, אַלְס אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער:
64 אֵיין צִיגֶען בֶּעקֶעל אַלְס אֵיין זִינְד
אָפְּפֶער:
65 אוּנְד אַלְס אֵיין פְרִיד אָפְּפֶער, צְווייא

רִינְדֶער, פִינְף ווִידֶער, פִינְף בֶּעק, פִינְף לֶעמֶער אֵיין יָאהְר אַלְט, דָאס דָאזִיגֶע אִיז דָאס אָפְּפֶער פוּן אַבִידָן דֶער זוּהְן פוּן גִדְעוֹנִי׃
66 אִין דֶעם צֶעהְנְטֶען טָאג, דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער דָן, אֲחִיעֶזֶר דֶער זוּהְן פוּן עַמִישַׁדָי׃
67 זַיין אָפְּפֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע זִילְבֶּערְנֶע שִׁיסֶעל, הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרַייסִיג שֶׁקֶל אִיהְר גֶעווִיכְט, אֵיין זִילְבֶּערְנֶער שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען, זִיבְּצִיג שֶׁקֶל שְׁוֶוער, נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ, בֵּיידֶע פוּל מִיט זֶעמֶעל מֶעהְל, גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל אַלְס אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער׃
68 אֵיין גָאלְדֶענֶער לֶעפֶעל צֶעהֶען שֶׁקֶל שְׁוֶוער, פוּל מִיט רויכְוֶוערְק׃
69 אֵיין יוּנְגֶער שְׁטִיער, אֵיין ווִידֶער, אֵיין לַאם אֵיין יָאהְר אַלְט, אַלְס אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער׃
70 אֵיין צִיגֶען בֶּעקֶל אַלְס אֵיין זִינְד אָפְּפֶער׃
71 אוּנְד אַלְס אֵיין פְרִיד אָפְּפֶער, צְווֵייא רִינְדֶער, פִינְף ווִידֶער, פִינְף בֶּעק, פִינְף לֶעמֶער אֵיין יָאהְר אַלְט, דָאס דָאזִיגֶע אִיז דָאס אָפְּפֶער פוּן אֲחִיעֶזֶר דֶער זוּהְן פוּן עַמִישַׁדָי׃
72 אִין דֶעם עֶלְפְטֶען טָאג, דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער אָשֵׁר, פַּגְעִיאֵל דֶער זוּהְן פוּן עָכְרָן׃
73 זַיין אָפְּפֶער אִיז גֶעוֶועזֶען, אֵיינֶע זִילְבֶּערְנֶע שִׁיסֶעל הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרַייסִיג שֶׁקֶל אִיהְר גֶעווִיכְט, אֵיין זִילְבֶּערְנֶער שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען, זִיבְּצִיג שֶׁקֶל שְׁוֶוער, נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ, בֵּיידֶע פוּל מִיט זֶעמֶל מֶעהְל, גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל אַלְס אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער׃
74 אֵיין גָאלְדֶענֶעם לֶעפֶער צֶעהֶען שֶׁקֶל שְׁוֶוער, פוּל מִיט רויכְוֶוערְק׃
75 אֵיין יוּנְגֶער שְׁטִיער אֵיין ווִידֶער, אֵיין לַאם אֵיין יָאהְר אַלְט אַלְס אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער׃
76 אֵיין צִיגֶען בֶּעקֶעל אַלְס אֵיין זִינְד אָפְּפֶער׃
77 אוּנְד אַלְס אֵיין פְרִיד אָפְּפֶער, צְווֵייא רִינְדֶער, פִינְף ווִידֶער פִינְף בֶּעק, פִינְף לֶעמֶער, אֵיין יָאהְר אַלְט, דָאס דָאזִיגֶע אִיז דָאס אָפְּפֶער פוּן פַּגְעִיאֵל דֶער זוּהְן פוּן עָכְרָן׃
78 אִין דֶעם צְוֶועלְפְטֶען טָאג, דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיא קִינְדֶער נַפְתָּלִי, אֲחִירַע דֶער זוּהְן פוּן עֵינָן׃
79 זַיין אָפְּפֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע זִילְבֶּערְנֶע שִׁיסֶעל, הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרַייסִיג שֶׁקֶל אִיהְר גֶעווִיכְט, אֵיין זִילְבֶּערְנֶער שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען, זִיבְּצִיג שֶׁקֶל שְׁוֶוער, נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ בֵּיידֶע פוּל מִיט זֶעמֶעל מֶעהְל גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל אַלְס אֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער׃
80 אֵיין גָאלְדֶענֶעם לֶעפֶעל צֶעהֶען שֶׁקֶל שְׁוֶוער פוּל מִיט רויכְוֶוערְק׃
81 אֵיין יוּנְגֶען שְׁטִיער, אֵיין ווִידֶער, אֵיין לַאם, אֵיין יָאהְר אַלְט, אַלְס אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער׃
82 אֵיין צִיגֶען בֶּעקֶעל אַלְס אֵיין זִינְד אָפְּפֶער׃
83 אוּנְד אַלְס אֵיין פְרִיד אָפְּפֶער צְווֵייא רִינְדֶער, פִינְף בֶּעק, פִינְף לֶעמֶער אֵיין יָאהְר אַלְט, דָאס דָאזִיגֶע אִיז דָאס אָפְּפֶער פוּן אֲחִירַע דֶער זוּהְן פוּן עֵינָן׃
84 דָאס דָאזִיגֶע אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס הֲנֻכַּת הַמִּזְבֵּחַ, אִיז דֶעם טָאג אַז עֶר אִיז גֶעזַאלְבְּט גֶעוָוארֶען, פוּן דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן יִשְׂרָאֵל, צְוֶועלְף זִילְבֶּערְנֶע

שִׁסְלֶען, צְוֶועלְף זִילְבֶּערְנֶע שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען, צְוֶועלְף גָאלְדֶענֶע לֶעפֶעל:

85 אִיטְלִיכֶע זִילְבֶּערְנֶע שִׁיסֶעל הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרַייסִיג שֶׁקֶל שְׁוֶוער, אוּנְד אִיטְלִיכֶער שְׁפְּרֶענְג בֶּעקֶען זִיבְּצִיג שֶׁקֶל שְׁוֶוער, דָאס גַאנְצֶע זִילְבֶּער פוּן דִיא גֶעפֶעס צְווייא טױזֶענְד אוּנְד פִיער הוּנְדֶערְט שֶׁקֶל נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ:

86 צְוֶועלְף גָאלְדֶענֶע שֶׁעפֶעל פוּל מִיט רױכְוֶוערְק אִיטְלִיכֶער לֶעפֶעל צֶעהֶען שֶׁקֶל שְׁוֶוער, נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ, דָאס גַאנְצֶע גָאלְד פוּן דִיא לֶעפֶעל װאר הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג שֶׁקֶל:

87 אַלֶע רִינְדֶער צוּ דֶעם בְּרַאנְד אָפְּפֶער צְוֶועלְף שְׁטִיער, צְוֶועלְף ווִידֶער, צְוֶועלְף לֶעמֶער, אֵיין יָאהְר אַלְט, מִיט זֵיירֶע שְׁפֵּייז אָפְּפֶער, אוּנְד צְוֶועלְף צִיגֶען בֶּעקְלֶעךְ אַלְס זִינְד אָפְּפֶער:

88 אוּנְד אַלֶע רִינְדֶער פוּן דִיא פְרִיד אָפְּפֶער פִיער אוּנְד צְוַואנְצִיג שְׁטִיער, זֶעכְצִיג ווִידֶער, זֶעכְצִיג בֶּעק, זֶעכְצִיג לֶעמֶער, אֵיין יָאהְר אַלְט, דָאס דָאזִיגֶע אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא הֲנֻכַּת הַמִּזְבֵּחַ נָאךְ דֶעם אַז עֶר אִיז גֶעזַאלְבְּט גֶעוָוארֶען:

89 אוּנְד אַז מֹשֶׁה אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג צוּ רֵיידֶען מִיט אִיהְם, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעהֶערְט דִיא שְׁטִים פוּן דֶעם וָואס הָאט גֶערֶעט צוּ אִיהְם, פוּן דֶעם אִיבֶּער דֶעקֶעל (כַּפּוֹרֶת) וָואס אִיז אוֹיף דֶעם קַאסְטֶען פוּן דֶעם צֵיגְנִים, פוּן צְווִישֶׁען דִיא צְווייא כְּרוּבִים, אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ אִיהְם:

בהעלותיך ח

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

2 רֵייד צוּ אַהֲרֹן אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ אִיהְם, וָוען דוּא צִינְדֶסְט אָן דִיא לַאמְפֶּען, אַזוֹי זָאלֶען דִיא זִיבֶּען לַאמְפֶּען לֵייכְטֶען קֶעגֶען אִיבֶּער דֶעם לֵייכְטֶער:

3 אוּנְד אַהֲרֹן הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן, עֶר הָאט אָנְגֶעצוּנְדֶען זֵיינֶע לַאמְפֶּען קֶעגֶען אִיבֶּער דֶעם לֵייכְטֶער, גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה:

4 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע אִיז דָאס וֶוערְק פוּן דֶעם לֵייכְטֶער, גֶעהַאמֶערְט גָאלְד בִּיז זַיין דִיכְט, בִּיז זֵיינֶע בְּלוּמֶען, אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען גֶעהַאמֶערְט, גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא דִיא גֶעשְׁטַאלְט וָואס גָאט הָאט גֶעווִיזֶען דֶעם מֹשֶׁה, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעמַאכְט דֶעם לֵייכְטֶער:

5 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

6 נֶעם דִיא לְוִיִם פוּן צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא רֵיינִיגֶען:

7 אוּנְד אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא טְהוּן זֵייא צוּ רֵיינִיגֶען, שְׁפְּרֶענְג אוֹיף זֵייא דָאס וַואסֶער דֶער רֵיינִיגוּנְג, אוּנְד זֵייא זָאלֶען אֵיין שֶׁער מֶעסֶער אִיבֶּער פָאהְרֶען מַאכֶען אִיבֶּער זֵייעֶר גַאנְצֶעס פְלֵיישׁ, אוּנְד זֵייא זָאלֶען וַואשֶׁען זֵיירֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זִיךְ רֵיינִיגֶען:

8 אוּנְד זֵייא זָאלֶען נֶעמֶען אֵיין יוּנְגֶען שְׁטִיער, אוּנְד זֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער, וֶועמֶעל מֶעהְל גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערְן יוּנְגֶען שְׁטִיער זָאלְסְט דוּא גֶעמֶען אַלְס אֵיין זִינְד אָפְּפֶער:

9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶענֶעהֶנֶען דִיא לְוִיִם צוּ פָאר דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט פֶערזַאמְלֶען דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:

10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶענֶעהֶנֶען דִיא

לְוִים צוּ פַאר גָאט, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלֶען לֵייגֶען זֵייעֶרֶע הֶענְד אוֹיף דִיא לְוִים׃

11 אוּנְד אַהֲרֹן זָאל אוֹיפְהֵייבֶּען דִיא לְוִים אֵיינֶע אוֹיפְהֵייבּוּנְג צוּ פַאר גָאט פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל. אוּנְד זֵייא זָאלֶען זַיין צוּ דִינֶען דֶעם דִינְסְט פוּן גָאט׃

12 אוּנְד דִיא לְוִים זָאלֶען לֵייגֶען זֵייעֶרֶע הֶענְד אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן דִיא שְׁטִיעֶרֶען. אוּנְד זָאלֶען מַאכֶען אֵיינֶעם אֵיין זִינְד אָפְּפֶער, אוּנְד דֶעם אַנְדֶערֶען אֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער צוּ גָאט, מְכַפֵּר צוּ זַיין אוֹיף דִיא לְוִים׃

13 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שְׁטֶעלֶען דִיא לְוִים צוּ פַאר אַהֲרֹן אוּנְד צוּ פַאר זֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אוֹיפְהֵייבֶּען אֵיינֶע אוֹיפְהֵייבּוּנְג צוּ גָאט׃

14 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָפְּשֵׁיידֶען דִיא לְוִים פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דִיא לְוִים זָאלֶען זַיין צוּ מִיר׃

15 אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאלֶען דִיא לְוִים אַרֵיינְקוּמֶען צוּ דִינֶען דָאס גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא רֵיינִיגֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אוֹיפְהֵייבֶּען אֵיינֶע אוֹיפְהֵייבּוּנְג׃

16 דֶער וֵוייל זֵייא זֶענֶען גַאנְץ גֶעגֶעבֶּען צוּ מִיר פוּן צְוִוישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אָנְשְׁטָאט פוּן דִיא עֶפֶענוּנְג פוּן אִיטְלִיכֶער גֶעבֶּער מוּטֶער, פוּן אִיטְלִיכֶען בְּכוֹר פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבּ אִיךְ זֵייא גֶענוּמֶען צוּ מִיר׃

17 וֵוייל צוּ מִיר גֶעהֶער אִיטְלִיכֶער בְּכוֹר פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְטֶער מֶענְשֶׁען אוּנְד אוּנְטֶער בְּהֵמוֹת, אִין דֶעם טָאג וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁלָאגֶען אִיטְלִיכֶען בְּכוֹר אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם הָאבּ אִיךְ זֵייא גֶעהֵיילִיגְט צוּ מִיר׃

18 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען דִיא לְוִים אָנְשְׁטָאט פוּן אִיטְלִיכֶען בְּכוֹר אוּנְטֶער דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃

19 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען דִיא לְוִים אַלְס גֶעשֶׁענְקְטֶע צוּ אַהֲרֹן אוּנְד צוּ זֵיינֶע זִיהְן פוּן צְוִוישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, צוּ דִינֶען דֶעם דִינְסְט פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד מְכַפֵּר צוּ זַיין אוֹיף דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל. אוּנְד עֶס זָאל נִיט זַיין קֵיין פְּלָאג אוּנְטֶער דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וֶוען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶענֶעהֶנֶען צוּ דִיא הֵיילִיגְקַייט׃

20 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעטְהוּן צוּ דִיא לְוִים גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה פוּן וֶועגֶען דִיא לְוִים, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעטְהוּן צוּ זֵייא׃

21 אוּנְד דִיא לְוִים הָאבֶּען זִיךְ גֶערֵיינִיגְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעוַואשֶׁען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד אַהֲרֹן הָאט מְכַפֵּר גֶעוֶועזֶען אוֹיף זֵייא, זֵייא צוּ רֵיינִיגֶען׃

22 אוּנְד דֶערְנָאךְ זֶענֶען דִיא לְוִים גֶעקוּמֶען צוּ דִינֶען זֵייעֶר דִינְסְט אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, צוּ פַאר אַהֲרֹן אוּנְד פַאר זֵיינֶע זִיהְן, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא יהוה הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה אוֹיף דִיא לְוִים אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעטְהוּן צוּ זֵייא׃

23 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

24 דָאס דָאזִיגֶע אִיז וָואס גֶעהֶערְט צוּ דִיא לְוִים, פוּן פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר אָן אַלְט אוּנְד דְרִיבֶּער זָאל עֶר קוּמֶען צוּ דִיא הֶערְשַׁאר אִין דֶעם דִינְסְט פוּן



דעם

דֶעם אֹהֶל מוֹעד:

25 אוּנְד פוּן פוּנְפְצִיג יָאהְר אַלְט אָן, זָאל עֶר צוּרִיק קֶעהְרֶען פוּן דִיא הֶערְ־שַׁאר פוּן דֶעם דִינְסְט, אוּנְד עֶר זָאל נִיט מֶעהְר דִינֶען:

26 אוּנְד עֶר זָאל בֶּעדִינֶען זַיינֶע בְּרִיר־דֶער אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶּער־זַאמְלוּנְג, צוּ הִיטֶען דִיא הִיטוּנְג, אָבֶּער קַיין דִינְסְט זָאל עֶר נִיט דִינֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא טְהוּן צוּ דִיא לְוִיִּם אִין זַיירֶע הִיטוּנְגֶען:

קאפיטעל ט

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה אִין דֶער מִדְבָּר פוּן סִינַי, אִין דֶעם אַנְדֶערֶען יָאהְר אַז זַייא זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען חוֹדֶשׁ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

2 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלֶען מַאכֶען דָאס קָרְבָּן פֶּסַח אִין זַיינֶע בֶּעשְׁטִימְטֶע צַייט:

3 אִין דֶעם פִירְצֶעהְנְטֶען טָאג פוּן דֶעם דָאזִיגֶען חוֹדֶשׁ, צְוִוישֶׁען דִיא צְוֵוייא אָבֶענְדֶען זָאלְט אִיהְר עֶס מַאכֶען אִין זַיינֶע בֶּעשְׁטִימְטֶע צַייט גְלֵייך אַזוֹי וִויא אַלֶע זַיינֶע גֶעזֶעצֶע, אוּנְד גְלֵייך אַזוֹי וִויא נָאךְ זַיינֶעם גַאנְצֶען רֶעכְט זָאלְט אִיהְר עֶס מַאכֶען:

4 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶערֶעט צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל צוּ מַאכֶען דָאס פֶּסַח:

5 אוּנְד זַייא הָאבֶען גֶעמַאכְט דָאס פֶּסַח אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען חוֹדֶשׁ אִין דֶעם פִירְצֶעהְנְטֶען טָאג צוּ דֶעם חוֹדֶשׁ, צְוִוי־שֶׁען דִיא אָבֶענְדֶען, אִין דֶער מִדְבָּר פוּן סִינַי, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶע־בָּאטֶען דֶעם משֶׁה אַזוֹי הָאבֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעטְהוּן:

6 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מֶענֶער וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוּמְרֵיין וֶוענֶען אַ טוֹיטֶען מֶענְשׁ, אוּנְד זַייא הָאבֶען נִיט גֶעקָאנְט מַאכֶען דָאס פֶּסַח אִין דֶעם זֶעלְבִּיגֶען טָאג, אוּנְד זַייא הָאבֶען זִיךְ גֶענֶעהֶענְט פַאר משֶׁה אוּנְד פַאר אַהֲרן אִין דֶעם זֶעלְבִּיגֶען טָאג:

7 אוּנְד דִיא זֶעלְבִּיגֶע מֶענֶער הָאבֶען גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם, מִיר זֶענֶען אוּמְרֵיין וֶוענֶען אַ טוֹיטֶען מֶענְשׁ, פַאר וָואס זָאלֶען מִיר אָבְגֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען אַז מִיר זָאלֶען נִיט מַקְרִיב זַיין דָאס אָפְּפֶער פוּן גָאט אִין זַיינֶע בֶּעשְׁטִימְטֶע צַייט, צְוִוישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:

8 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַייא, שְׁטֵייט אִיךְ וֶועל הֶערֶען וָואס גָאט וֶועט בֶּעפֶעהְלֶען וֶוענֶען אֵייךְ:

9 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

10 רֵייד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיטְלִיכֶער מַאן וָואס וֶועט זַיין אוּמְרֵיין וֶוענֶען אַ טוֹיטֶען, אָדֶער אוֹיף אֵיינֶעם וַוייטֶען וֶועג, צוּ אֵייךְ אָדֶער צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, אַזוֹי זָאל עֶר מַאַ־כֶען (אַ קָרְבָּן) פֶּסַח צוּ גָאט:

11 אִין דֶעם אַנְדֶערְן חוֹדֶשׁ אִין דֶעם פִירְצֶעהְנְטֶען טָאג, צְוִוישֶׁען דִיא אָבֶענְדֶען זָאלֶען זַייא עֶס מַאכֶען, מִיט מַצּוֹת אוּנְד בִּיטֶערֶע קְרֵייטֶער זָאלֶען זַייא עֶס עֶסֶען:

12 זַייא זָאלֶען דֶערפוּן נִיט אִיבְּרִיג לָאזֶען בִּיז מָארְגֶען אוּנְד אֵיין בֵּיין זָא־לֶען זַייא נִיט צוּבְּרֶעכֶען דֶערפוּן גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס גַאנְצֶע גֶעזֶעץ פוּן דֶעם פֶּסַח זָאלֶען זַייא עֶס מַאכֶען:

13 אָבֶּער דֶער מַאן וָואס אִיז רֵיין, אוּנְד עֶר אִיז נִיט אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד עֶר וֶועט פֶערְמֵיידֶען צוּ מַאכֶען

דאס

דָאס פֶּסַח, אַזוֹי זָאל דִיא זֶעלְבִּינֶע זֶעעֶל פֶערשְׁנִיטֶען װֶערֶען פוּן אִיהְר פָאלְק, װײל עֶר הָאט נִיט גֶעגֶעהֶענְט דָאס אָפְּפֶער פוּן גָאט אִין זֵיינֶע בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייט, דֶער זֶעלְבִּיגֶער מַאן זָאל טְרָאגֶען זֵיינֶע זִינְד׃

14 אוּנְד װֶען עֶס װֶעט װאוֹינֶען בֵּייא אֵייךְ אַ פְרֶעמְדְלִינְג אוּנְד עֶר װִיל הַאלְטֶען פֶּסַח צוּ גָאט, גְלֵייךְ אַזוֹי װִיא דָאס גֶעזֶעץ פוּן פֶּסַח אוּנְד גְלֵייךְ אַזוֹי װִיא עֶס אִיז רֶעכְט זָאל עֶר עֶס מַאכֶען, אֵיין גֶעזֶעץ זָאל זֵיין צוּ אֵייךְ אוּנְד צוּ דֶעם פְרֶעמְדְלִינְג, אוּנְד צוּ דֶעם אֵיינְגֶעבָּארֶענֶעם אִין דֶעם לַאנְד׃

15 אוּנְד אִין דֶעם טָאג װֶען מֶען הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דָאס מִשְׁכָּן, אַזוֹי הָאט דֶער װָאלְקֶען בֶּעדֶעקְט דָאס מִשְׁכָּן פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶעם צֵיינְגְנִיס, אוּנְד אִין דֶעם אָבֶענְד אִיז גֶעװֶעזֶען אוֹיף דֶעם מִשְׁכָּן גְלֵייךְ אַזוֹי װִיא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן פֵייעֶר, בִּיז מָארְגֶען׃

16 אַזוֹי אִיז עֶס גֶעװֶעזֶען שְׁטֶענְדִיג, דֶער װָאלְקֶען הָאט עֶס בֶּעדֶעקְט, אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן פֵייעֶר בֵּייא נַאכְט׃

17 אוּנְד נָאךְ דֶעם אַז דֶער װָאלְקֶען אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט, אַזוֹי הָאבֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעצוֹיגֶען, אוּנְד אוֹיף דֶעם אָרְט װְאוּ דֶער װָאלְקֶען הָאט דָארְט גֶערוּהְט דָארְטֶען הָאבֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעלַאגֶערְט׃

18 נָאךְ דֶעם װָארְט פוּן גָאט הָאבֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעצוֹיגֶען, אוּנְד נָאךְ דֶעם װָארְט נָאךְ פוּן גָאט הָאבְּען זֵייא זִיךְ גֶעלַאגֶערְט, אַלֶע טֶעג װָאס דֶער װָאלְקֶען הָאט גֶערוּהְט אוֹיף דֶעם מִשְׁכָּן הָאבֶען זֵייא זִיךְ גֶעלַאגֶערְט׃

19 אוּנְד װֶען דֶער װָאלְקֶען הָאט אַ לַאנְגֶע צֵייט גֶערוּהְט אַזוֹי הָאבֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעהִיט דִיא הִיטוּנְג פוּן גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶען נִיט גֶעצוֹיגֶען׃

20 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען דֶער װָאלְקֶען אִיז גֶעװֶעזֶען אַ לַאנְגֶע צֵייט אוֹיף דֶעם מִשְׁכָּן, נָאךְ דֶעם װָארְט נָאךְ פוּן גָאט הָאבֶען זֵייא גֶעלַאגֶערְט, אוּנְד נָאךְ דֶעם װָארְט נָאךְ פוּן גָאט הָאבֶען זֵייא גֶעצוֹיגֶען׃

21 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען, װֶען דֶער װָאלְקֶען אִיז גֶעװֶעזֶען פוּן אָבֶענְד בִּיז מָארְגֶען, אוּנְד דֶער װָאלְקֶען אִיז אוֹיפגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם מָארְגֶען אַזוֹי הָאבֶען זֵייא גֶעצוֹיגֶען, אָדֶער בֵּייא טָאג אָדֶער בֵּייא נַאכְט, װֶען דֶער װָאלְקֶען אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אַזוֹי הָאבֶען זֵייא גֶע־ גֶעצוֹיגֶען׃

22 אָדֶער צְװֵייא טֶעג, אָדֶער אֵיין חוֹדֶשׁ אָדֶער אַ לַאנְגֶע צֵייט, װֶען דֶער װָאלְקֶען הָאט זִיךְ לַאנְג גֶעזוֹימְט אוֹיף דֶעם מִשְׁכָּן צוּ רוּהֶען אוֹיף אִיהְם, הָאבֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זִיךְ גֶעלַאגֶערְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶען נִיט גֶעצוֹיגֶען, אָבֶּער װֶען עֶר אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען הָאבֶען זֵייא גֶעצוֹיגֶען׃

23 נָאךְ דֶעם װָארְט נָאךְ פוּן גָאט הָאבֶען זֵייא זִיךְ גֶעלַאגֶערְט, אוּנְד נָאךְ דֶעם װָארְט נָאךְ פוּן גָאט הָאבֶען זֵייא גֶעצוֹיגֶען, דִיא הִיטוּנְג פוּן גָאט הָאבֶען זֵייא גֶעהִיטֶעט, נָאךְ דֶעם װָארְט נָאךְ פוּן גָאט דוּרְךְ מֹשֶׁה׃

### קַפִּיטֶעל י

א אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

2 מַאךְ צוּ דִיר צְװֵייא זִילְבֶּערְנֶע טְרָאמְפֵּייטֶען, גֶעהַאמֶערְט װֶערְק זָאלְסְט דוּא זֵייא מַאכֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זֵיין

צוּ דִיר צוּ רוּפֶען דִיא גֶעמֵיינְדֶע, אוּנְד צוּ מַאכֶען צִיהֶען דִיא מַחֲנוֹת:

3 אוּנְד וֶוען זֵייא וֶועלֶען בְּלָאזֶען מִיט זֵייא, אַזוֹי זָאלֶען זִיךְ פֶערזַאמְלֶען צוּ דִיר דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע, צוּ דִיא טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערזַאמְלוּנְג:

4 אוּנְד וֶוען זֵייא וֶועלֶען בְּלָאזֶען מִיט אֵיינֶעם, אַזוֹי זָאלֶען זִיךְ פֶערזַאמְלֶען צוּ דִיר דִיא פִירְשְׁטֶען, דִיא הוֹיפְּטְלֵייט פוּן דִיא טוֹיזֶענְדֶע פוּן יִשְׂרָאֵל:

5 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט בְּלָאזֶען אֵיינֶע שַׁאלוּנְג (תְּרוּעָה) אַזוֹי זָאלֶען צִיהֶען דִיא לַאגֶערְס פוּן דִיא וָואס לַאגֶערְן זִיךְ קֶעגֶען מִזְרַח זֵייט:

6 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט בְּלָאזֶען אֵיינֶע צְוֵוייטֶע תְּרוּעָה אַזוֹי זָאלֶען צִיהֶען דִיא לַאגֶערְס פוּן דִיא וָואס לַאגֶערֶען זִיךְ קֶעגֶען דָרוֹם צוּ, זֵייא זָאלֶען בְּלָאזֶען אֵיינֶע שַׁאלוּנְג צוּ זֵיירֶע צִיהוּנְגֶען:

7 אוּנְד וֶוען מֶען וֶועט אֵיינְזַאמְלֶען דִיא פֶערזַאמְלוּנְג אַזוֹי זָאלְט אִיהְר בְּלָאזֶען אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט שַׁאלֶען:

8 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן, דִיא כֹּהֲנִים זָאלֶען בְּלָאזֶען מִיט דִיא טְרַאמְפֵּייטֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זֵיין צוּ אֵייךְ צוּ אֵיין אֵייבִּיגֶעם גֶעזֶעטְץ צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער:

9 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט קוּמֶען אִין אֵיין שְׁטְרֵייט אִין אֵייעֶר לַאנְד קֶעגֶען דֶעם פֵיינְד וָואס דְרֶענְגְט אֵייךְ, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר שַׁאלֶען מִיט דִיא טְרַאמְפֵּיי־טֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט גֶעדֶענְקְט וֶוערֶען פַאר יְהוָֹה אֵייעֶר גָאט, אוּנְד אִיהְר וֶועט גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען פוּן אֵיירֶע פֵיינְד:

10 אוּנְד אִין דֶעם טָאג פוּן אֵיירֶע פְרֵייד, אוּנְד אִין אֵיירֶע בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייטֶען, אוּנְד אִין דֶעם אָנְפַאנְג פוּן אֵיירֶע חֲדָשִׁים, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר בְּלָאזֶען מִיט אֵיירֶע טְרַאמְפֵּייטֶען, אִיבֶּער אֵיירֶע בְּרַאנְד אָפְּפֶער אוּנְד אִיבֶּער אֵיירֶע פְרִיד אָפְּפֶער, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זֵיין צוּ אֵייךְ צוּ אֵיין גֶעדֶעכְטְנִיס צוּ פַאר אֵייעֶר גָאט, אִיךְ בִּין אֵייעֶר גָאט:

11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם אַנְדֶערֶען יָאהְר אִין דֶעם אַנְדֶערֶען חוֹדֶשׁ אִין דֶעם צְוַואנְצִיגְסְטֶען פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ, אִיז דֶער וָואלְקֶען אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן אָב דֶעם מִשְׁכָּן פוּן דֶעם צֵייגְנִיס:

12 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעצוֹיגֶען צוּ זֵיירֶע צִיהוּנְגֶען, פוּן דֶעם מִדְבַּר סִנַי, אוּנְד דֶער וָואלְקֶען הָאט גֶערוּהְט אִין דֶער מִדְבַּר פָּארָן:

13 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל נָאךְ דֶעם בֶּעפֶעל פוּן גָאט דוּרְךְ מֹשֶׁה גֶעצוֹיגֶען;

14 אוּנְד דֶער פָאהְן פוּן דֶעם לַאגֶער פוּן דִיא קִינְדֶער יְהוּדָה הָאט גֶעצוֹיגֶען צוּ עֶרְשְׁט צוּ זֵיירֶע הֶערְשַׁארֶען, אוּנְד אִיבֶּער זֵיינֶע הֶערְשַׁאר אִיז גֶעוֶועזֶען נַחְשׁוֹן דֶער זוּהְן פוּן עַמִּינָדָב:

51 אוּנְד אִיבֶּער דֶער הֶערְשַׁאר פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא קִינְדֶער יִשָּׂשכָר, אִיז גֶעוֶועזֶען נְתַנְאֵל דֶער זוּהְן פוּן צוּעָר:

16 אוּנְד אִיבֶּער דִיא הֶערְשַׁאר פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא קִינְדֶער זְבוּלֻן אִיז גֶעוֶועזֶען אֱלִיאָב דֶער זוּהְן פוּן חֵלֹן:

17 אוּנְד דָאס מִשְׁכָּן אִיז אַרוּנְטֶער גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא קִינְדֶער גֵּרְשׁוֹן אוּנְד דִיא קִינְדֶער מְרָרִי הָאבֶּען גֶעצוֹיגֶען, וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגְן דָאס מִשְׁכָּן

18 אוּנְד דֶער פָאהְן פוּן דֶער מַחֲנֶה פוּן רְאוּבֵן הָאט גֶעצוֹיגֶען נָאךְ זֵיירֶע הֶערְשַׁארֶען, אוּנְד אִיבֶּער זֵיינֶע הֶערְ־שַׁאר וַואר אֱלִיצוּר זוּהְן פוּן שְׁדֵיאוּר:

19 אונד איבער דער הערשאר פון דעם שבט דער קינדער פון שמעון וואר שלמיאל זוהן פון צורישדי:

20 אונד איבער דער הערשאר פון דעם שבט דער קינדער גד וואר אליסף זוהן פון דעואל:

21 אונד דיא קהתים וואס האבען געטראגען דיא הייליגע זאכען האבען געצויגען אונד זייא האבען אויפ־געשטעלט דאס משכן ביז (דיא אנדערע) זענען אנגעקומען:

22 אונד דער פאהן פון דער מחנה דער קינדער פון אפרים האט געצויגען נאך זייערע הערשארען, אונד איבער זיינע הערשאר וואר אלישמע זוהן פון עמיהוד:

23 אונד איבער דער הערשאר פון דעם שבט דער קינדער פון מנשה וואר גמליאל זוהן פון פדהצור:

24 אונד איבער דער הערשאר פון דעם שבט דער קינדער פון בנימין וואר אבידן זוהן פון גדעוני:

25 אונד דער פאהן פון דער מחנה דער קינדער פון דן האט געצויגען ער איז געוועזען דער איינזאמלער פון אלע מחנות צו זייערע הערשארען, אונד איבער זיינע הערשאר וואר אחיעזר זוהן פון עמישדי:

26 אונד איבער דער הערשאר פון דעם שבט דער קינדער פון אשר וואר פגעיאל זוהן פון עכרן:

27 אונד איבער דער הערשאר פון דעם שבט דער קינדער נפתלי וואר אחירע זוהן פון עינן:

28 דיא דאזיגע וואהרען דיא ציהונגען פון דיא קינדער ישראל צו זייערע הערר־שארען, אונד אזוי האבען זייא געצויגען:

29 אונד משה האט געזאגט צו חבב זוהן פון רעואל דעם מדיני, משה'ס שוועהר, מיר ציהען צו דעם ארט וואס גאט האט געזאגט, איך וועל עס צו אייך געבען, קום מיט אונס אונד מיר וועלען דיר גוטעס טהון, וואהרין גאט האט גערעדט גוטעס וועגען ישראל:

30 אונד ער האט צו איהם געזאגט, איך וויל ניט גיין, נייערט צו מיין לאנד אונד צו מיין געבורט וועל איך גיין:

31 אונד ער האט געזאגט, איך בעט דיך, פערלאז אונס ניט, וואהרין ווייל דוא ווייסט אונזערע רוהונגען אין דער מדבר אזוי זאלסט דוא צו אונס זיין אלס אויגען:

32 אונד עס וועט זיין ווען דוא וועסט מיט אונס מיט גיין, אזוי זאל דאס זעלביגע גוטע וואס גאט וועט אונס טהון דיר אויך געטהון ווערען:

33 אונד זייא זענען אוועק געצויגען פון דעם בארג פון גאט, א וועג פון דרייא טעג, אונד דער ארון פון דעם בונד פון גאט האט פאר זייא געצויגען, א וועג פון דרייא טעג, אויס צו זוכען פאר זייא א רוהונגס ארט:

34 אונד דער וואלקען פון גאט איז איבער זייא געוועזען, בייא טאג ווען זייא פלעגען צו ציהען פון דער מחנה:

35 אונד עס איז געוועזען ווען דער ארון האט געצויגען, אזוי האט משה געזאגט. שטייא אויף, א גאט, אונד דיינע פיינד זאלען צושפרייט ווערען, אונד דיינע שונאים זאלען אנטלויפען.

פאַר דיין אָנגעזיכט:

36 און װען ער האָט גערוהט האָט ער געזאָגט, קעהר צוריק, אָ גאָט דיא צעהן טויזענדע פון ישראל]:

קאפיטעל יא

1 און עס איז געװעזען װען דאָס פאָלק האָט זיך בעקלאָגט, אַזוי איז עס איבעל געפאַלען אין דיא אויערען פון גאָט, און װען גאָט האָט עס געהערט אַזוי האָט זיין צאָרען געגרימט, און עס האָט צװישען זייא געברענט אַ פייער פון גאָט, און זייא פערצעהרט ביז צום עק פון דער מחנה:

2 און דאָס פאָלק האָט געשריגען צו משה, און משה האָט געבעטען צו גאָט אַזוי איז דאָס פייער פער־לאָשען געװאָרען:

3 און ער האָט גערופען דעם נאָמען פון דעם אָרט תבערה, װאָרין עס האָט אין זייא געברענט אַ פייער פון גאָט:

4 און דאָס געמישטע פאָלק װאָס איז צװישען זייא געװעזען האָבען געגליסט אַ גליסטונג, און דיא קינדער ישראל האָבען װידער גע־קעהרט, און זייא האָבען אויך גע־װיינט, און האָבען געזאָגט, װער װעט אונס געבען פלייש צו עסען?

5 מיר געדענקען דיא פיש װאָס מיר פלעגען עסען אין מצרים בחנם דיא גורקען און מעלאָנען, און דאָס קרויט, און דיא ציבעלעס און קנאָבעל:

6 און אַצונד זענען אונזערע לייבער פערדאַרט, און עס איז גאָר נישט דאָ, גייערט אונזערע אויגען זעהען אויף דעם מָן:

7 און דער מָן איז געװעזען װיא זאָמען פון גליינדער, און זיינע גע־שטאָלט פון קריסטאָל:

8 דאָס פאָלק האָט זיך פערשפרייט און זייא האָבען געקליבען, און האָבען עס געמאָלען אין איין מיהל, אָדער געשטויסען אין אַ שטייסעל, און זייא האָבען עס געקאָכט אין טעפ, און האָבען דאַרויס געמאַכט קוכען, און זיין טעם איז געװעזען װיא דער טעם פון איין אייל קוכען:

9 און װען דער טהוי (טל) איז אויפ־געגאַנגען אויף דער מחנה ביא נאַכט, אַזוי איז דער מָן אויף איהם אַרונטער געקומען:

10 און משה האָט געהערט דאָס פאָלק װיינען נאָך זייערע משפחות איטליכער אין דער טיר פון זיין גע־צעלט. און דער צאָרן פון גאָט האָט זעהר געגרימט, און דאָס איז איבעל געפאַלען אין דיא אויגען פון משה:

11 און משה האָט געזאָגט צו גאָט, װאַרום האָסט דוא שלעכטעס געטהון צו דיין קנעכט? און װאַרום האָב איך ניט געפונען גנאָד אין דיינע אויגען? אַז דוא האָסט דיא משא פון דעם דאָזיגען גאַנצען פאָלק אויף מיר געלייגט?

12 האָב איך דען געטראָגען דאָס דאָזיגע גאַנצע פאָלק? אָדער האָב איך עס געבוירען? אַז דוא זאָגסט צו מיר טראָג זייא אין דיין שויס, אַזוי װיא אַ זייג־אַם טראָגט איין זייגלינג, אויף דעם לאַנד װאָס דוא האָסט גע־שװאָרען צו זיינע אבות:

13 פון װאַנען זאָל איך נעמען פלייש

צו

צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק צוּ גֶעבֶּען? ווָארִין זַייא ווֵויינֶען אִיבֶּער מִיר, אוּנְד זָאגֶען גִיבּ אוּנְס פְלֵיישׁ אַז מִיר זָאלֶען עֶסֶען:

14 אִיךְ בִּין נִיט אִים שְׁטַאנְד אַלֵיין צוּ טְרָאגֶען דָאס דָאזִיגֶע גַאנְצֶע פָאלְק, ווָארִין עֶס אִיז צוּ שְׁווֶער פַאר מִיר:

15 אוּנְד ווֶוען דוּא ווִילְסְט מִיר אַזוֹי טְהוּן, בֶּעט אִיךְ דִיךְ אַז דוּא זָאלְסְט מִיךְ הַרְגֶענֶען. אָבֶּער ווֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען חֵן אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען אַזוֹי לָאז מִיךְ נִיט זֶעהֶען מֵיין שְׁלֶעכְטֶעס:

16 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, זַאמֶעל מִיר זִיבֶּעצִיג מֶענֶער פוּן דִיא עֶלְטְסְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, ווֶעלְכֶע דוּא ווֵייסְט אַז זַייא זֶענֶען עֶלְטְסְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד זֵיירֶע אַמְטְסְלֵייט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַייא נֶעמֶען צוּ דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד, אוּנְד זַייא זָאלֶען זִיךְ דָארְט הִינְשְׁטֶעלֶען מִיט דִיר:

17 אוּנְד אִיךְ ווֶעל אַרוּפְּנִידֶערְן, אוּנְד אִיךְ ווֶעל מִיט דִיר דָארְט רֶעדֶען, אוּנְד אִיךְ ווֶעל נֶעמֶען פוּן דֶעם גֵייסְט ווָאס אִיז אוֹיף דִיר אוּנְד אִיךְ ווֶעל אִיהם גֶעבֶּען אוֹיף זַייא, אוּנְד זַייא זָאלֶען מִיט דִיר טְרָאגֶען דִיא מַשָּׂא פוּן דֶעם פָאלְק אַז דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט אַלֵיין טְרָאגֶען:

18 אוּנְד צוּ דֶעם פָאלְק זָאלְסְט דוּא זָאגֶען, הֵיילִיגְט אֵייךְ אוֹיף מָארְגֶען, אוּנְד אִיהְר ווֶעט עֶסֶען פְלֵיישׁ, ווָארִין אִיהר הָאט גֶעווֵיינְט אִין דִיא אוֹירֶען פוּן גָאט, אוּנְד גֶעזָאגְט, ווֶער ווֶעט אוּנְס גֶעבֶּען פְלֵיישׁ צוּ עֶסֶען? ווָארִין עֶס אִיז אוּנְס גוּט גֶעווֶעזֶען אִין מִצְרַיִם, אַזוֹי ווֶעט אֵייךְ גָאט גֶעבֶּען פְלֵיישׁ אוּנְד אִיהְר ווֶעט עֶסֶען:

19 אִיהְר ווֶעט נִיט עֶסֶען אֵיין טָאג, אוּנְד נִיט צְווֵייא טֶעג אוֹיךְ נִיט פִינְף טֶעג, אוֹיךְ נִיט צְווַאנְצִיג טֶעג:

20 בִּיז אַ חֹדֶשׁ פוּן טֶעג, בִּיז עֶס ווֶעט אַרוֹיסְגֵיין פוּן אֵיירֶע נָאזְלֶעכֶער, אוּנְד עֶס ווֶעט אֵייךְ זַיין צוּ עֶקֶעל ווֵייל אִיהְר הָאט פֶערְאַכְטֶעט גָאט ווָאס אִיז צְווִישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר הָאט פַאר אִיהְם גֶעווֵיינְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, פַאר ווָאס זֶענֶען מִיר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס מִצְרַיִם?

21 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, דָאס פָאלְק אִיז זֶעקְס מָאל הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד, צוּ פוּס, צְווִישֶׁען ווֶעלְכֶע אִיךְ בִּין, אוּנְד דוּא זָאגְסְט, אִיךְ ווֶעל זַייא גֶעבֶּען פְלֵיישׁ אוּנְד זַייא ווֶעלֶען עֶסֶען אַ גַאנְצֶען חֹדֶשׁ:

22 ווֶוען דִיא שָׁאף אוּנְד רִינְדֶער זָאלֶען פַאר זַייא גֶעשָׁאכְטֶען ווֶערֶען ווֶעט דָאס פַאר זַייא גֶענוּג זַיין? אָדֶער ווֶוען אַלֶע פִישׁ זָאלֶען פוּן דֶעם יָם אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט ווֶערֶען ווֶעט דָאס פַאר זַייא גֶענוּג זַיין?

23 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, אִיז דֶען גָאטְ'ס הַאנְד קוּרְץ? אַצוּנְד ווֶעסְט דוּא זֶעהֶען אוֹיבּ מֵיין ווָארְט ווֶעט דִיר טְרֶעפֶען אָדֶער נִיט!

24 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶערֶעט צוּם פָאלְק דִיא רֵייד פוּן גָאט, אוּנְד עֶר הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט זִיבֶּעצִיג מֶענֶער פוּן דִיא עֶלְטְסְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעשְׁטֶעלְט אַרוּם דֶעם גֶעצֶעלְט:

25 אוּנְד גָאט אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען אִין דֶעם ווָאלְקֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט אָפְּגֶעשֵׁייט

פוּן

פוּן דֶעם גֵייסְט (רוּחַ) וָואס אִיז אוֹיף
אִיהְם גֶעוֶועזֶען אוּנְד הָאט אִיהְם גֶע
גֶעבֶּען אוֹיף דִיא זִיבֶּעצִיג מֶענֶער,
דִיא זְקֵנִים, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
אַזוֹי לַאנְג וִויא דֶער רוּחַ הָאט אוֹיף
זֵייא גֶערוּהְט הָאבֶּען זֵייא נְבוּאוֹת
גֶעזָאגְט, אוּנְד הָאבֶּען נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט,
(אָדֶער נִיט לֶענְגֶער) :
26 אוּנְד צְוֵוייא מֶענֶער זֶענֶען אִיבֶּער
גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶער מַחֲנֶה, אֵיינֶער
הָאט גֶעהֵייסֶען אֶלְדָד, אוּנְד דֶער
אַנְדֶערֶער הָאט גֶעהֵייסֶען מֵידָד, אוּנְד
דֶער רוּחַ הָאט אוֹיף זֵייא גֶערוּהְט,
אוּנְד זֵייא וַוארֶען אוּנְטֶער דִיא אֵיינְ־
גֶעשְׁרִיבֶּענֶע, אָבֶּער זֵייא זֶענֶען נִיט
אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט,
נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט
אִין דֶער מַחֲנֶה :
27 אוּנְד דֶער יוּנְג אִיז גֶעלוֹיפֶען,
אוּנְד הָאט עֶס דֶערְצֵיילְט, צוּ מֹשֶׁה,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אֶלְדָד אוּנְד
מֵידָד זָאגֶען נְבִיאוֹת אִין דֶער מַחֲנֶה :
28 אַזוֹי הָאט יְהוֹשֻׁעַ בִּן־נוּן, דֶער
מְשָׁרֵת פוּן מֹשֶׁה, פוּן זֵיינֶע אוֹיסְדֶערְר־
ווֵילְטֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט,
מֵיין הַאר מֹשֶׁה, מַאךְ זֵייא אוֹיף
הֶערֶען :
29 אָבֶּער מֹשֶׁה הָאט צוּ אִיהְם גֶע
זָאגְט ווִילְסְט דוּא דִיךְ מֵיינֶעט וֶועגֶען
מְקַנֵּא זַיין? הַלְוַאי וָואלְט דָאס גַאנְצֶע
פָאלְק פוּן גָאט גֶעוֶועזֶען נְבִיאִים, אַז
גָאט זָאל אוֹיף זֵייא גֶעבֶּען זֵיין גֵייסְט :
30 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט זִיךְ אֵיינְגֶע
זַאמֶעלְט צוּ דֶער מַחֲנֶה, עֶר אוּנְד דִיא
עֶלְטְסְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל :
31 אוּנְד אַ ווִינְד הָאט גֶעצוֹיגֶען פוּן
גָאט אוּנְד הָאט גֶעמַאכְט פְלִיהֶען
וַואכְטֶלֶען פוּן דֶעם יָם, אוּנְד עֶס הָאט
זִיךְ פֶערְשְׁפְּרֵייט אִיבֶּער דֶער מַחֲנֶה,
אַזוֹי ווִיא אַ טָאג רֵייזֶע פוּן דִיזֶער זֵייט
אוּנְד ווִיא אַ טָאג רֵייזֶע פוּן יֶענֶער
זֵייט אַרִינְגְס אַרוּם דֶער מַחֲנֶה אוּנְד
אַזוֹי ווִיא צְוֵוייא אֵיילֶען אוֹיף דֶער
עֶרְד :
32 אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאַ־
נֶען דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען גַאנְצֶען טָאג, אוּנְד
דִיא גַאנְצֶע נַאכְט, אוּנְד דֶעם גַאנְצֶען
מָארְגֶעדִיגֶען טָאג, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דִיא וַואכְטְלֶען, דֶער
וָואס הָאט אַם ווֵיינִיגְסְטֶען גֶעזַאמֶעלְט
הָאט גֶעהַאט צֶעהְן חֲמָרִים, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ פֶערְשְׁפְּרֵייט אֵיינֶע פֶערְ־
שְׁפְּרֵייטוּנְג רִינְגְס אַרוּם דֶעם לַאגֶער :
33 דָאס פְלֵייש אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען
צְווִישֶׁען זֵיירֶע צֵיהְן, אֵיידֶער עֶס אִיז
גֶעקַייט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דֶער צָארְן פוּן
גָאט הָאט גֶעגְרִימְט אוֹיף דֶעם פָאלְק
אוּנְד גָאט הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דָאס
פָאלְק מִיט אֵיינֶע זֶעהְר גְרוֹיסֶע פְּלָאג :
34 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען דֶעם
נָאמֶען פוּן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען אָרְט
קִבְרוֹת הַתַּאֲוָה, ווֵייל דָארְטֶען הָאבֶּען
זֵייא בֶּעגְרָאבֶּען דָאס פָאלְק וָואס
הָאבֶּען גִיגְלוּסְט :
35 פוּן קִבְרוֹת הַתַּאֲוָה הָאבֶּען דָאס
פָאלְק גֶעצוֹיגֶען נָאךְ חֲצֵרוֹת, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין חֲצֵרוֹת :

## קאפיטעל יב

1 מִרְיָם אוּנְד אַהֲרֹן הָאבֶּען גֶערֶעט
גֶעגֶען מֹשֶׁה, וֶועגֶען דֶעם ווַייבּ, דִיא
כּוּשִׁית, וָואס עֶר הָאט גֶענוּמֶען, דֶען
עֶר הָאט גֶענוּמֶען אֵיין ווַייבּ אֵיינֶע
פוּן כּוּשׁ :
2 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, הָאט גָאט

דֶען גֶערֶעט דורךְ מֹשֶׁה אַלֵיין ? הָאט
עֶר נִיט גֶערֶעט אויךְ דורךְ אוּנס ?
אוּנְד גָאט הָאט עֶס גֶעהֶערְט :
3 אוּנְד דֶער מַאן מֹשֶׁה אִיז גֶעוֶועזֶען
זֶעהְר דֶעמִיטִיג מֶעהְר פוּן אַלֶע מֶענְ־
שֶׁען וָואס זֶענֶען אויף דֶער עֶרְד :
4 אוּנְד גָאט הָאט פְּלוּצְלִינְג גֶעזָאגְט
צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן אוּנְד צוּ
מִרְיָם, גֵייט אִיהְר דְרֵייא אַרויס צוּ
דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד, אוּנְד זֵייא דְרֵייא
זֶענֶען אַרויסְגֶעגַאנְגֶען :
5 אוּנְד גָאט הָאט אַרָאב גֶענִידֶערְט
אִין דֶעם וָואלְקֶען־זֵייל. אוּנְד עֶר
אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶער טִיהְר פוּן
דֶעם גֶעצֶעלְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּ־
פֶען אַהֲרֹן אוּנְד מִרְיָם, אוּנְד זֵייא
בֵּיידֶע זֶענֶען אַרויסְגֶעגַאנְגֶען :
6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הֶערְט נוּן
מֵיינֶע וֶוערְטֶער, וֶוען עֶס וֶועט אוּנְטֶער
אֵייךְ זֵיין אֵיין נָבִיא אִיךְ יְהוָה וֶועל מִיךְ
צוּ אִיהְם דֶערְקֶענֶען גֶעבֶּען אִים
גֶעזִיכְט, אִין אַ חָלוֹם וֶועל אִיךְ מִיט
אִיהְם רֶעדֶען :
7 מֵיין קְנֶעכְט מֹשֶׁה אִיז נִיט אַזוֹי, עֶר
אִיז טְרֵייא אִין מֵיין גַאנְצֶען הויז :
8 מוֹיל צוּ מוֹיל וֶועל אִיךְ רֶעדֶען
צוּ אִיהְם אוּנְד דוּרְךְ גֶעזִיכְט אָבֶּער
נִיט מִיט רֶעטֶענִישׁ, אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט
פוּן יהוה זָאל עֶר זֶעהֶען, אוּנְד פַאר
וָואס הָאט אִיר אֵייךְ נִיט גֶעפָארְכְטֶען
צוּ רֶעדֶען גֶעגֶען מֵיין קְנֶעכְט מֹשֶׁה ?
9 אוּנְד דֶער צָארְן פוּן גָאט הָאט
גֶעגְרִימְט אִיבֶּער זֵייא, אוּנְד עֶר אִיז
אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען :
10 אוּנְד דֶער וָואלְקֶען אִיז אָפְּגֶעטְהוּן
גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט, אוּנְד מִרְיָם
אִיז גֶעוֶועזֶען קְרֶעצִיג, וַוייס וִויא שְׁנֵייא,
אוּנְד אַהֲרֹן הָאט זִיךְ גֶעקֶערְט צוּ מִרְיָם,
אוּנְד זֶעה מִרְיָם וַואר קְרֶעצִיג :
11 אוּנְד אַהֲרֹן הָאט גֶעזָאגְט צוּ
מֹשֶׁה, אִיךְ בֶּעט דִיךְ מֵיין הַאר, דוּא
זָאלְסְט אויף אוּנְז נִיט לֵייגֶען דִיא זִינְד
וָואס מִיר הָאבֶּען נַארֶעשׁ גֶעטְהוּן,
אוּנְד וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט :
12 לָאז זִיא נִיט זֵיין גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא
אֵיין טוֹיטֶער, דָאס וֶוען עֶר אַרויס
קוּמְט פוּן זֵיין מוּטֶערְס לֵייבּ אִיז הַאלְבּ
זֵיין פְלֵיישׁ פֶערְצֶערְט :
13 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעשְׁרִיגֶען צוּ
גָאט, אָ גָאט הֵייל זִיא, אִיךְ בֶּעט דִיךְ !
14 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה
וֶוען אִיהְר פָאטֶער הֶעט אִיהְר גֶעשְׁפֵּייט
אִין אִיהְר פָּנִים וָואלְט זִיא דָאךְ פֶערְ־
שֶׁעמְט גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען טֶעג, זִיא זָאל
פֶערְשְׁלָאסֶען וֶוערֶען זִיבֶּען טֶעג אויסֶער־
וֵויינִיג פוּן דֶער מַחֲנֶה, אוּנְד דֶערְנָאךְ
זָאל זִיא אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶוערֶען :
15 אוּנְד מִרְיָם וַואר אויסְגֶעשְׁלָאסֶען
אוֹיסְוֵוייניג פוּן דֶער מַחֲנֶה, זִיבֶּען טֶעג,
אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט נִיט אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען
בִּיז מִרְיָם אִיז אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט גֶעוָוארֶען :
16 אוּנְד נָאכְדֶעם הָאט דָאס פָאלְק
גֶעצוֹיגֶען פוּן חֲצֵרוֹת, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶערוּהְט אִין דֶער מִדְבָּר פוּן פָּארָן :

## קאפיטעל יג שלח לך

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
5 שִׁיק דִיר אַרויס מֶענְשֶׁען אוּנְד זֵייא
זָאלֶען אויסְפָארְשֶׁען דָאס לַאנְד כְּנַעַן
וָואס אִיךְ גִיבּ צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
אֵיין מַאן פוּן אִיטְלִיכֶען שֵׁבֶט פוּן זֵיינֶע
פֶעטֶער זָאלְט אִיהְר שִׁיקֶען, אִטְלִיכֶער
וָואס אִיז אֵיין פִירְשְׁט אוּנְטֶער זֵייא :

אונד

3 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט זֵייא גֶעשִׁיקְט פוּן
דֶער מִדְבָּר פָּארָן דוּרְךְ דֶעם בֶּעפֶעל
פוּן גָאט, אַלֶע הוֹיפְּט לֵייט אוּנְטֶער
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל :
4 אוּנְד דָאס זֶענֶען זֵיירֶע גֶעמֶען,
פוּם שֵׁבֶט רְאוּבֵן שַׁמּוּעַ דֶער זוּהְן פוּן
זַכּוּר :
5 פוּם שֵׁבֶט שִׁמְעוֹן, שָׁפָט דֶער זוּהְן
פוּן חוֹרִי :
6 פוּם שֵׁבֶט יְהוּדָה, כָּלֵב דֶער זוּהְן
פוּן יְפוּנֶה :
7 פוּם שֵׁבֶט יִשָּׂשכָר, יִגְאָל דֶער זוּהְן
פוּן יוֹסֵף :
8 פוּם שֵׁבֶט אֶפְרָיִם הוֹשֵׁעַ דֶער זוּהְן
פוּן נוּן :
9 פוּם שֵׁבֶט בִּנְיָמִן, פַּלְטִי דֶער זוּהְן פוּן
רָפוּא :
10 פוּם שֵׁבֶט זְבוּלֻן, גַּדִּיאֵל דֶער זוּהְן
פוּן סוֹדִי :
11 פוּם שֵׁבֶט יוֹסֵף, צוּם שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה,
גַּדִּי דֶער זוּהְן פוּן סוּסִי :
12 פוּם שֵׁבֶט דָן, עַמִּיאֵל דֶער זוּהְן
פוּן גְּמַלִּי :
31 פוּם שֵׁבֶט אָשֵׁר, סְתוּר דֶער זוּהְן
פוּן מִיכָאֵל :
14 פוּם שֵׁבֶט נַפְתָּלִי, נַחְבִּי דֶער זוּהְן
פוּן וָפְסִי :
15 פוּם שֵׁבֶט גָד גְּאוּאֵל, דֶער זוּהְן
פוּן מָכִי :
16 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעמֶען פוּן
דִיא מֶענֶער וָואס מֹשֶׁה הָאט גֶעשִׁיקְט
אוּים צוּ פָארְשֶׁען דָאס לַאנְד, אוּנְד
מֹשֶׁה הָאט גֶערוּפֶען צוּ הוֹשֵׁעַ דֶעם
זוּהְן פוּן נוּן יְהוֹשֻׁעַ :
17 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט זֵייא גֶעשִׁיקְט
אוּים צוּ פָארְשֶׁען דָאס לַאנְד כְּנַעַן,
אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֵייט
אוֹיף דֶעם וֶועג וָואס אִיז קֶעגֶען דָרוֹם
צוּ, אוּנְד אִיהְר זָאלט אַרוֹיפְגֵיין אוֹיף
דֶעם בַּארְג :
18 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֶעהֶען וָואס
דָאס לַאנְד אִיז אוּנְד וָואס דָאס פָאלְק
אִיז וָואס וָואוֹינְט דְרוֹיף, אוֹיבּ עֶס אִיז
שְׁטַארְק אָדֶער שְׁוַואךְ, אוֹיבּ עֶס אִיז
וֶוענִיג אָדֶער פִיל :
19 אוּנְד וָואס דָאס לַאנְד אִיז וָואס
זֵייא וְואוֹינֶען דְרִין, אוֹיבּ עֶס אִיז גוּט
אָדֶער שְׁלֶעכְט, אוּנְד וָואס דִיא שְׁטֶעט
זֶענֶען וָואס זֵיא וְואוֹינֶען דְרִין אוֹיבּ אִין
לַאגֶערְם אָדֶער פֶעסְטֶע שְׁטֶעט :
20 אוּנְד וָואס דָאס לַאנְד אִיז, אוֹיבּ
עֶס אִיז פֶעט אָדֶער מָאגֶער אוֹיבּ עֶס
אִיז הָאלְץ דָארִין אָדֶער נִיט, אוּנְד אִיהְר
זָאלְט אֵייךְ שְׁטֶערְקֶען אוּנְד נֶעמֶען
פוּן דִיא פְרוּכְט פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד
דִיא צֵייט אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא טֶעג פוּן
דִיא עֶרְשְׁטְלִינְגֶע פוּן דִיא וֵויינְטְרוֹיבֶּען :
21 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיף גֶעגַאנְ־
גֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט
דָאס לַאנְד פוּן דֶעם מִדְבָּר בִּיז רָחוֹב
וְואוּ מֶען קוּמְט קֶען חֲמָת :
22 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיף גֶעגָאנְ־
גֶען קֶעגֶען דָרוֹם צוּ, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
גֶעקוּמֶען בִּיז חֶבְרוֹן, אוּנְד דָארְטֶען
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אֲחִימָן, שֵׁשַׁי אוּנְד תַּלְמַי
דִיא קִינְדֶער פוּן עֲנָק, אוּנְד חֶבְרוֹן
אִיז גֶעבּוֹיט גֶעוָוארֶען זִיבֶּען יָאהְר פַאר
צֹעַן אִין מִצְרַיִם :
23 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם
טָאהְל אֶשְׁכֹּל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָבְּ־
גֶעשְׁנִיטֶען פוּן דָארְטֶען אֵיין צְוֵוייג אוּנְד
אֵיין הֶענְגֶעל פוּן וֵויינְטְרוֹיבֶּען, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעטְרָאגֶען אוֹיף אֵיין
שְׁטַאנְג צְוִוישֶׁען צְוֵוייא (מֶענֶער), אוּנְד

פוּן דִיא מִילְגְרוֹמֶען אוּנְד פוּן דִיא
פֵּייגֶען :
24 דֶעמְמֶעלְבִּיגֶען אָרְט הָאט מֶען
גֶערוּפֶען דָאס טֶהאל אֶשְׁכּוֹל, וַוייל דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶען אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען
פוּן דָארְטֶען דָאס הֶענְגֶעל וַויינְטְרוֹיבֶּען:
25 אוּנְד זֵייא זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט
פוּן אוֹיס צוּ פָּארְשֶׁען דָאס לַאנְד נָאךְ
פִירְצִיג טֶעג :
26 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד
זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ
אַהֲרֹן אוּנְד צוּ דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע
פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל צוּ דֶער מִדְבָּר
פָּארָן קֶענֶען קָדֵשׁ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
צוּרִיק גֶעבְּרַאכְט אֵיין עֶנְטְפֶער צוּ דִיא
גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעוִויזֶען דִיא פְּרוּכְט פוּן דֶעם לַאנְד :
27 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט צוּ
אִיהְם אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר
זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד וָואס
דוּא הָאסְט אוּנְס אַהִין גֶעשִׁיקְט, אוּנְד
עֶס פְּלִיסְט אוֹיךְ מִיט מִילְךְ אוּנְד
הָאנִיג, אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע אִיז זֵיינֶע
פְּרוּכְט :
28 נֵייעֶרְט דָאס פָאלְק אִיז שְׁטַארְק
וָואס וָואוֹינְט אִין דֶעם לַאנְד, אוּנְד
דִיא שְׁטֶעט זֶענֶען פֶעסְטאוּנְד זֵייעֶר גְרוֹיס,
אוּנְד אוֹיךְ דִיא קִינְדֶער פוּן עֲנָק
הָאבֶּען מִיר דָארְטֶען גֶעזֶעהֶען :
29 עֲמָלֵק וְואוֹינְט אִין דֶעם לַאנְד
קֶענֶען דָרוֹם, אוּנְד דֶער חִתִּי, אוּנְד
דֶער יְבוּסִי, אוּנְד דֶער אֱמוֹרִי, וְואוֹינְט
אוֹיף דִיא בֶּערְג, אוּנְד דֶער כְּנַעֲנִי
וואוֹינְט בֵּייא דֶעם יָם אוּנְד בֵּייא דִיא
זֵייט פוּן יַרְדֵן :
30 אוּנְד כָּלֵב הָאט גֶעמַאכְט דָאס
פָאלְק שְׁטִיל שְׁוַוייגֶען פַאר מֹשֶׁה, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט מִיר וֶועלֶען אַרוֹיף
גֵיין אוּנְד מִיר וֶועלֶען עֶס עֶרְבֶען, דֶען
מִיר וֶועלֶען עֶס גֶעווִיס בֵּייקוּמֶען :
31 אוּנְד דִיא מֶענֶער וָואס זֶענֶען
אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען מִיט אִיהְם הָאבֶען
גֶעזָאגְט, מִיר קֶענֶען נִיט אַרוֹיף גֵיין
קֶענֶען דֶעם פָאלְק וָוארִין עֶס אִיז שְׁטַארְ־
קֶער פוּן אוּנְס :
32 אוּנְד זֵייא הָאבֶען אַרוֹיסְגֶעבְּרַכְט
אַ שְׁלֶעכְטֶען בֶּערִיכְט פוּן דֶעם לַאנְד
וָואס דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶען אוֹיסְ
גֶעפָּאשְׁט, אוּנְד גֶעזָאגְט, דָאס לַאנְד
וָואס מִיר זֶענֶען אַרִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען
אוֹיסצוּפָארְשֶׁען אִיז אַ לַאנְד וָואס פֶערְ־
צֶעהְרְט דִיא אֵיינְוואוֹינֶער דַאפוּן, אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס מִיר הָאבֶען
דַארִין גֶעזֶעהֶען זֶענֶען מֶענֶער פוּן גְרוֹי־
סֶען מָאס :
33 אוּנְד דָארְטֶען הָאבֶען מִיר גֶעזֶעהֶען
דִיא רִיזֶען, דִיא קִינְדֶער פוּן עֲנָק פוּן
דִיא (גֶעפַאלֶענֶע) רִיזֶען, אוּנְד מִיר
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען וִויא
דִיא הֵיישְׁרֶעקֶען, אוּנְד אַזוֹי זֶענֶען מִיר
גֶעוֶועזֶען אִין זֵיירֶע אוֹיגֶען :

קאפִּיטֶעל יד

1 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע הָאבֶען
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶען זֵייעֶר קוֹל אוּנְד דָאס
פָאלְק הָאט גֶעווֵיינְט דִיזֶעלְבִּיגֶע נַאכְט:
2 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶען
גֶעמוּרְמֶעלְט אִיבֶּער מֹשֶׁה אוּנְד אִיבֶּער
אַהֲרֹן, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע
הָאבֶען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הַלְוַאי וָואלְטֶען
מִיר גֶעשְׁטָארְבֶען אִין דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם, אָדֶער הַלְוַאי וָואלְטֶען מִיר
גֶעשְׁטָארְבֶען אִין דֶער דָאזִיגֶע מִדְבָּר!
3 אוּנְד וָוארוּם הָאט אוּנְס גָאט גֶע־
בְּרַאכְט אִין דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד אוּנְס

פַּאלֶען צוּ מַאכֶען דוּרךְ דֶעם שְׁווֶערט,
אַז אוּנְזֶערֶע ווייבֶער אוּנְד קִינְדֶער זָאלֶען
זַיין צוּ רוֹיב ? ווֶער עֶס נִיט בֶּעסֶער פַאר
אוּנְס צוּרִיק צוּ קֶעהְרֶען נָאךְ מִצְרַיִם :

4 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט אֵיינֶער
צוּם אַנְדֶערְן מִיר ווֶעלֶען אִיבֶּער אוּנְס
זֶעצֶען אַן עֶלְטְסְטֶען, אוּנְד מִיר ווֶעלֶען
צוּרִיק קֶעהְרֶען קַיין מִצְרַיִם :

5 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן זֶענֶען גֶעפַאלֶען אויף זַייעֶר פָּנִים פַאר דֶער גַאנְצֶען
פֶערזַאמְלוּנְג פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע דֶער
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל :

6 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן אוּנְד כָּלֵב זוּהְן
פוּן יְפֻנֶּה, פוּן דִיא אויספָארְשֶׁערְס פוּן
דֶעם לַאנְד הָאבֶּען צוּרִיסֶען זַייעֶרֶע
קְלֵיידֶער:

7 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶער
גַאנְצֶען גֶעמֵיינְדֶע דֶער קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דָאס לַאנְד וָואס מִיר
זֶענֶען דַארִין אַרִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען אויס־
צוּפָארְשֶׁען אִיז אַ זֶעהְר גוּט לַאנְד :

8 אוּנְד ווֶען גָאט הָאט אַ בֶּעגֶעהְר
אִין אוּנְס אַזוֹי ווֶעט עֶר אוּנְס אַרַיינְ־
בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, אוּנְד
ווֶעט עֶס צוּ אוּנְס גֶעבֶּען ; עֶס אִיז אַ
לַאנְד וָואס פְלִיסְט מִיט מִילךְ אוּנְד
הָאנִיג :

9 נַייעֶרְט קֶעגֶען גָאט זָאלְט אִיהְר נִיט
ווִידֶערשְׁפֶּענִיגֶען, אוּנְד אִיהְר בְּרוֹיכְט
אַייךְ נִיט צוּ פָארכְטֶען פָאר דֶעם פָאלְק
פוּן דֶעם לַאנְד וָוארִין זַייא זֶענֶען אוּנְזֶער
בְּרוֹיט, זַייעֶר שָׁאטֶען הָאט זִיךְ פוּן זַייא
אָפְּגֶעטְהוּן, אוּנְד גָאט אִיז מִיט אוּנְס
אִיהְר זָאלְט אַייךְ נִיט פָארְכְטֶען :

10 אָבֶּער דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז מֶען זָאל זַייא
שְׁטֵיינִיגֶען, מִיט שְׁטֵיינֶער, אוּנְד דִיא
הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען
אִין דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד צוּ אַלֶע קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל :

11 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
בִּיז ווִיא לַאנְג ווֶעט מִיךְ נָאךְ דָאס
דָאזִיגֶע פָאלְק דֶערצֶערְנֶען ? אוּנְד בִּיז
ווִיא לַאנְג ווֶעט מִיר דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק
נָאךְ נִיט גְלֵייבֶּען, ווֶעגֶען אַלֶע צֵייכֶען
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן צְווִישֶׁען זַייא ?

12 אִיךְ ווֶעל זַייא שְׁלָאגֶען מִיט אַ
פֶּעסְטִילֶענְץ, אוּנְד אִיךְ ווֶעל זַייא פֶערְ־
טְרֵייבֶּען, אוּנְד אִיךְ ווֶעל דִיךְ מַאכֶען צוּ
אַ גְרוֹיס פָאלְק, אוּנְד שְׁטַארְקֶער פוּן
זַייא :

13 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט,
ווֶען דִיא מִצְרַיִם ווֶעלֶען הֶערֶען (וָוארִין
דוּא הָאסְט דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק אַרוֹיס
גֶעבְּרַאכְט מִיט דַיין כֹּחַ פוּן צְווִישֶׁען
זַייא):

14 אַזוֹי ווֶעלֶען זַייא עֶס אָנְזָאגֶען צוּ
דִיא בֶּעווָאוינֶער פוּן דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד,
זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָאס דוּא אָ גָאט
בִּיזְט גֶעווֶעזֶען צְווִישֶׁען דֶעם דָאזִיגֶען
פָאלְק, וָואס דוּא, אָ גָאט, הָאסְט דִיךְ
בֶּעשֵׁיינְפֶּערְלֶעךְ צוּ זַייא בֶּעווִיזֶען, אוּנְד
דַיין וָואלְקֶען אִיז אִיבֶּער זַייא גֶעשְׁטַאנְ־
גֶען, אוּנְד מִיט אַ וָואלְקֶען־זֵייל בִּיזְט,
דוּא פָאר זַייא גֶעגַאנְגֶען בֵּייא טָאג
אוּנְד מִיט אַ פֵייעֶרְזֵייל בֵּייא נַאכְט :

15 אוּנְד ווֶען דוּא ווֶעסְט דָאס
דָאזִיגֶען פָאלְק טֵייטֶען ווִיא אֵיין מַאן,
אַזוֹיא ווֶעלֶען דִיא גוֹיִם זָאגֶען וָואס זַייא
הָאבֶּען גֶעהֶערְט דַיין שֵׁם אַזוֹי צוּ
זָאגֶען:

16 ווייל גָאט הָאט נִיט גֶעקֶענְט
אַרַיינְבְּרֶענְגֶען דָאס דָזִיגֶע פָאלְק אִין
דֶעם לַאנְד וָואס עֶר הָאט צוּ זַייא



געשווארען

גֶעשְׁוָואוֹרֶען אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא אוֹיס־
גֶעשָׁאכְטֶען אִין דֶער מִדְבָּר :
17 אוּנְד אַצוּנְד לָאז דָאךְ דֶער כֹּחַ פוּן
מֵיין הַאר גְרוֹיס וֶוערֶען אַזוֹי וִויא דוּא
הָאסְט גֶערֶעט, צוּ זָאגֶען :
18 גָאט אִיז לַאנְג מִיטִיג אוּנְד פוּן
גְרוֹיסֶער גְנָאד, וָואס פֶערגֶעבְּט דִיא
זִינְד אוּנְד מִיסֶעטַאט, אָבֶּער עֶר וֶועט
נִיט פְרֵייא לָאזֶען, עֶר גֶעדֶענְקְט דִיא
זִינְדֶע פוּן דִיא אָבוֹת אוֹיף דִיא קִינְדֶער
בִּיז צוּם דְרִיטֶען אוּנְד פִירְטֶען דוֹר :
19 פַארְגֶעבּ דָאךְ דִיא זִינְד פוּן דֶעם
דָאזִיגֶען פָאלְק, נָאךְ דֵיינֶער גְרוֹיסֶען
גְנָאד, אוּנְד אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט פֶערְ־
טְרָאגֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק פוּן
מִצְרַיִם אָן בִּיז אַהֶער :
20 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ
פֶערגֶעבֶּען נָאךְ דֵיין וָוארְט :
21 אָבֶּער פַאר וָואהְר אַזוֹי וִויא אִיךְ
לֶעבּ, דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט זָאל פוּל
וֶוערֶען מִיט דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט :
22 וֵוייל אַלֶע דִיא מֶענְשֶׁער הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען מֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד מֵיינֶע
וְואוּנְדֶער וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן אִין
מִצְרַיִם, אוּנְד אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען מִיךְ גֶעפְּרוּפְט דִיזֶע צֶעהְן מָאל
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהָארְכְט צוּ
מֵיינֶע שְׁטִים :
23 אוֹיבּ זֵייא וֶועלֶען זֶעהֶען דָאס
לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁוָואוֹרֶען צוּ
זֵייעֶרֶע אָבוֹת, אוּנְד אַלֶע דִיא וָואס
הָאבֶּען מִיךְ דֶערצֶערְנְט וֶועלֶען עֶס אוֹיךְ
נִיט זֶעהֶען :
24 אָבֶּער מֵיין קְנֶעכְט כָּלֵב, דֶערְוֵוייל
עֶס אִיז אִין אִיהְם אֵיין אַנְדֶערֶער גֵייסְט,
אוּנְד עֶר הָאט מִיר פֶעלִיג נָאכְגֶעפָאלְגְט,
אַזוֹי וֶועל אִיךְ אִיהְם אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען צוּ
דֶעם לַאנְד וְואוּ עֶר אִיז דָארְט גֶעקוּמֶען
אוּנְד זֵיין זָאמֶען זָאל עֶס יַרְשֶׁענֶען :
25 דֶער עֲמָלֵקִי אוּנְד דִיא כְּנַעֲנִים
וְואוֹינֶען אִין דֶעם טְהָאל, מָארְגֶען
קֶעהְרְט אוּם אוּנְד צִיהְט אֵייךְ אִין דֶער
מִדְבָּר אַרֵיין אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן יַם
סוּף :
26 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה
אוּנְד צוּ אַהֲרֹן אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
27 בִּיז וִויא לַאנְג זָאל אִיךְ אוֹיסְ־
הַאלְטֶען מִיט דִיא דָאזִיגֶע שְׁלֶעכְטֶע
גֶעמֵיינְדֶע, וָואס מוּרמֶעלְן קֶעגֶען מִיר ?
דָאס מוּרמֶעלְן פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
וָואס זֵייא מוּרמֶעלְן קֶעגֶען מִיר הָאבּ
אִיךְ גֶעהֶערְט
28 זָאג צוּ זֵייא, אַזוֹי וָואהְר וִויא אִיךְ
לֶעבּ, זָאגְט גָאט, אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט
גֶערֶעט אִין מֵיינֶע אוֹירֶען, אַזוֹי וֶועל
אִיךְ צוּ אֵייךְ טְהוּן
29 אִין דֶער דָאזִיגֶע מִדְבָּר וֶועלֶען
אֵיירֶע קֶערְפֶּער פַאלֶען, אַלֶע וָואס זֶענֶען
גֶעצֵיילְט גֶעוָוארֶען נָאךְ דֶער גַאנְצֶען
צָאל, פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט אָן אוּנְד
דַארִיבֶּער, וֵוייל זֵייא הָאבֶּען גֶעמוּרְמֶעלְט
קֶעגֶען מִיר :
30 אִיהְר זָאלְט נִיט אַרֵיינְקוּמֶען צוּ
דֶעם לַאנְד אִיבֶּער וֶועלְכֶעם אִיךְ הָאבּ
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע הַאנְד אוּם אֵייךְ
דָארְטֶען רוּהֶען צוּ מַאכֶען, גֵייעֶרְט נָאר
כָּלֵב זוּהְן פוּן יְפֻנֶּה אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן
פוּן נוּן :
31 אוּנְד אֵיירֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער, וָואס
אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט זֵייא וֶועלֶען זֵיין צוּ
רוֹיבּ, זֵייא וֶועל אִיךְ אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען קֶענֶען דָאס לַאנְד
וֶועלְכֶעם אִיהְר הָאט פֶערְאַכְטֶעט :
32 אָבֶּער אִיהְר, אֵיירֶע קֶערְפֶּער

װעלֶען פַאלֶען אִין דֶער דָאזִיגֶע מִדְבָּר׃

33 אוּנְד אֵיירֶע קִינְדֶער זָאלֶען אַרוּם װאַנְדֶערְן אִין דֶער מִדְבָּר פִירְצִיג יָאהְר, אוּנְד װעלֶען לֵיידֶען װעגֶען אֵיירֶע הוּרֶערַייא, בִּיז אֵיירֶע לֵייבֶּער װעלֶען אוּמְקוּמֶען אִין דֶער מִדְבָּר׃

34 נָאךְ דֶער צָאל פוּן דִיא טֶעג װָאס אִיהְר הָאט אויסְגֶעפָארשְׁט דָאס לַאנְד, פִּירְצִיג טֶעג, אַ טָאג פָאר יֶעדֶען יָאהְר, פִּירְצִיג יָאהְר זָאלְט אִיהְר טְרָאגֶען (אָדֶער לֵיידֶען פָאר) אֵיירֶע זִינְד, אוּנְד אִיהְר זָאלְט װִיסֶען אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ פוּן אֵייךְ אָפְּגֶעקֶעהְרְט׃

35 אִיךְ יְהוָה הָאבּ דָאס גֶערֶעט, אִיךְ װֶעל עֶס גֶעװִיס טְהוּן צוּ דֶער דָאזִיגֶען גַאנְצֶען שְׁלֶעכְטֶען גֶעמֵיינְדֶע, װָאס הָאבֶּען זִיךְ קֶעגֶען מִיר אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אִין דִיזֶער מִדְבָּר זָאלֶען זֵייא אוּמְקוּמֶען, אוּנְד דָארְט זָאלֶען זֵייא שְׁטַארְבֶּען׃

36 אוּנְד דִיא מֶענֶער װָאס מֹשֶׁה הָאט אויסְגֶעשִׁיקְט דָאס לַאנְד אויס צוּ פָארְשֶׁען, אוּנְד זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעמַאכְט דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע מוּרְמֶעלְן קֶעגֶען אִיהְם, אוּנְד הָאבֶּען אַרויסְגֶעבְּרַאכְט לָשׁוֹן הָרָע אויף דֶעם לַאנְד׃

37 דִיא מֶענֶער װָאס הָאבֶּען אַרויסְגֶעבְּרַאכְט לָשׁוֹן הָרָע אויף דֶעם לַאנְד זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען דוּרְךְ אַ פְּלָאג פַאר גָאט׃

38 אָבֶּער יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן פוּן נוּן אוּנְד כָּלֵב זוּהְן פוּן יְפֻנֶּה זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבֶּען פוּן דִיא דָאזִיגֶע מֶענֶער װָאס זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אויסְצוּפָארְשֶׁען דָאס לַאנְד׃

39 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערֶעט דִיזֶע װֶערְטֶער צוּ אַלֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זֶעהְר גֶעטְרויעֶרְט׃

40 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אִין דֶער פְרִיה אויפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד אַרויפְגֶעגַאנְגֶען אויף דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בַּארְג, אוּנְד גֶעזָאגְט, זֶעה מִיר זֶענֶען דָא, אוּנְד מִיר װעלֶען אַרויפְגֵיין צוּ דֶעם אָרְט װָאס גָאט הָאט אוּנְס צוּגֶעזָאגְט, װָארִין מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט׃

41 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, פַארְװָאס טְהוּט אִיהְר אִיבֶּערְטְרֶעטֶען דֶעם בֶּעפֶעל פוּן גָאט? דָאס װעט נִיט בֶּעגְלִיקֶען׃

42 גֵייט נִיט אַרויף, װָארִין גָאט אִיז נִיט צְװִישֶׁען אֵייךְ, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט גֶעשְׁלָאגֶען װֶערֶען פַאר אֵיירֶע פֵיינְד׃

43 װָארִין דֶער עֲמָלֵקִי אוּנְד דֶער כְּנַעֲנִי אִיז דָארְטֶען פַאר אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר װעט פַאלֶען דוּרךְ דֶעם שְׁװֶערְט, װייל אִיהְר הָאט אֵייךְ אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן גָאט, דַארִיבֶּער װִיל גָאט נִיט זַיין מִיט אֵייךְ׃

44 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען אַרויפְצוּגֵיין צוּ דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בַּארְג, אָבֶּער דֶער אָרוֹן פוּן דֶעם בּוּנְד פוּן גָאט אוּנְד מֹשֶׁה הָאבֶּען זִיךְ נִיט אָפְּגֶעטְהוּן פוּן צְװִישֶׁען דֶער מַחֲנֶה׃

45 אוּנְד דֶער עֲמָלֵקִי אוּנְד דֶער כְּנַעֲנִי װָאס װאוינֶען אויף דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען בַּארְג הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא צוּשְׁטויסֶען בִּיז נָאךְ חָרְמָה׃

## קאפיטעל טו

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

2 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, װֶען אִיהְר װעט אַרַיין קוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד פוּן אֵייעֶר בֶּעזִיץ, װָאס אִיךְ װֶעל צוּ אֵייךְ גֶעבֶּען׃

3 אוּנְד װֶען אִיהְר װֶעט מַאכֶען אַ
פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט, אַ בְּרַאנְד אָפְּפֶער,
אָדֶער אַ שְׁלַאכְט אָפְּפֶער, אָפְּצוּשֵׁיידֶען
אַ נֶדֶר אָדֶער מִיט אַ בֶּעװִילִיגוּנְג, אָדֶער
אַן אֵיירֶע יָמִים טוֹבִים, צוּ מַאכֶען אַן
אַנְגֶענֶעמֶען גֶערוּךְ צוּ גָאט, פוּן דִיא
רִינְדֶער אָדֶער פוּן דִיא שָׁאף:
4 דֶער װָאס אִיז מַקְרִיב זָאל מַקְרִיב
זַיין זַיין קָרְבָּן צוּ גָאט אֵיין מִנְחָה פוּן
זֶעמֶעל מֶעהְל, אֵיין צֶעהְנְטֶעל, גֶעמִישְׁט
מִיט אֵיין פִירְטֶעל הִין אֵייל:
5 אוּנְד אֵיין פִירְטֶעל הִין װַיין צוּ
גִיסֶען זָאלְסְט דוּא מַאכֶען צוּ דֶעם
בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אָדֶער צוּ דֶעם שְׁלַאכְט־
אָפְּפֶער, פַאר אֵיין לֶעמֶעלֶע:
6 אָדֶער פַאר אֵיין װִידֶער זָאלְסְט דוּא
מַאכֶען אַ מִנְחָה פוּן צְװֵייא צֶעהְנְטֶעל
זֶעמֶעל מֶעהְל גֶעמִישְׁט מִיט אֵיין דְרִיטֶעל
הִין אֵייל:
7 אוּנְד אֵיין דְרִיטֶעל הִין װַיין צוּ אַ
גִיס אָפְּפֶער זָאלְסְט דוּא מַקְרִיב זַיין אַן
אַנְגֶענֶעמֶען גֶערוּךְ צוּ גָאט:
8 אוּנְד װֶען דוּא װֶעסְט מַאכֶען פוּן
יוּנְגֶע רִינְדֶער אַ בְּרַאנְד אָפְּפֶער אָדֶער
אַ שְׁלַאכְט אָפְּפֶער אָפְּצוּשֵׁיידֶען אַ נֶדֶר,
אָדֶער אַ פְרִיד אָפְּפֶער צוּ גָאט:
9 אַזוֹי זָאל עֶר מַקְרִיב זַיין מִיט דֶעם
יוּנְגֶען רִינְד אַ מִנְחָה פוּן דְרֵייא צֶעהְנְטֶעל
זֶעמֶעל מֶעהְל גֶעמִישְׁט מִיט אַ הַאלְבֶּען
הִין אֵייל:
01 אוּנְד צוּ אַ גִיס אָפְּפֶער זָאלְסְט
דוּא מַקְרִיב זַיין אַ הַאלְבֶּען הִין װַיין,
עֶס אִיז אַ פֵייעֶר אָפְּפֶער, אַן אַנְגֶענֶעמֶער
גֶערוּךְ צוּ גָאט:
11 אַזוֹי זָאל אוֹיךְ גֶעטְהוּן װֶערֶען צוּ
אֵיין אָקְס, אָדֶער צוּ אֵיין װִידֶער, אָדֶער
צוּ אֵיין לֶעמֶעלֶע אִין דִיא שָׁאף אָדֶער
אִין דִיא צִיגֶען:
12 אִין דִיא צָאל װָאס אִיהְר װֶעט
מַאכֶען, זָאלְט אִיהְר אַזוֹי טְהוּן צוּ
יֶעדֶען (קָרְבָּן) נָאךְ זֵיירֶע צָאל:
13 אִיטְלִיכֶער אַלְט בֶּעזֶעסֶענֶער זָאל
אַזוֹי טְהוּן מִיט דִיא דָאזִיגֶע (קָרְבָּנוֹת)
מַקְרִיב צוּ זַיין אַ פֵייעֶר אָפְּפֶער, אַן
אַנְגֶענֶעמֶען גֶערוּךְ צוּ גָאט:
14 אוּנְד װֶען עֶס װֶעט מִיט אֵייךְ
װאוֹינֶען אַ גֵר, אָדֶער עֶר װֶעט צְװִישֶׁען
אֵייךְ זַיין אִין אֵיירֶע דוֹרוֹת אוּנְד עֶר װִיל
מַאכֶען אַ פֵייעֶר אָפְּפֶער, אַן אַנְגֶענֶעמֶען
גֶערוּךְ צוּ גָאט, אַזוֹי װִיא אִיהְר טְהוּט
זָאל עֶר אוֹיךְ טְהוּן:
15 אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע זָאל זַיין אֵיין
גֶעזֶעטְץ צוּ אֵייךְ אוּנְד צוּ דֶעם גֵר
װָאס װאוֹינְט אוּנְטֶער אֵייךְ אֵיין אֵייבִּיגֶעס
גֶעזֶעטְץ פַאר אַלֶע אֵיירֶע דוֹרוֹת, װִיא
אִיהְר זַייט אַזוֹי אִיז דֶער גֵר פַאר גָאט:
16 אֵיין גֶעזֶעטְץ אוּנְד אֵיין גֶערִיכְט
זָאל זַיין צוּ אֵייךְ אוּנְד צוּ דֶעם גֵר
װָאס װאוֹינְט צְװִישֶׁען אֵייךְ:
17 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
18 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, װֶען אִיהְר
װֶעט קוּמֶען אִין דֶעם לַאנְד װָאס אִיךְ
װֶעל אֵייךְ דָארְטֶען אַהִין בְּרֶענְגֶען:
19 אוּנְד עֶס װֶעט זַיין װֶען אִיהְר װֶעט
עֶסֶען פוּן דֶעם בְּרוֹיט פוּן דֶעם לַאנְד,
זָאלְט אִיהְר אָבְּשֵׁיידֶען אֵיין אָבְּשֵׁיידוּנְג
צוּ גָאט:
20 דָאס עֶרְשְׁטֶע פוּן אֵייעֶר טֵייג זָאלְט
אִיהְר אָבְּשֵׁיידֶען אֵיין אָבְּשֵׁיידוּנְג פוּן
חַלָּה, װִיא דִיא אָבְּשֵׁיידוּנְג פוּן שֵׁייעֶר
אַזוֹי זָאלְט אִיהְר דָאס אָבְּשֵׁיידֶען:
21 פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען פוּן אֵייעֶר טֵייג

זָאלְט אִיהר דִיא אָבְּשֵׁיידוּנְג גֶעבֶּען צוּ גָאט, פַאר אַלֶע אֵייעֶרֶע דורות ׃

22 אוּנְד וֶוען אִיהר וֶועט זִינְדִיגֶען בְּשׁוֹגֵג אוּנְד־אִיהר וֶועט נִיט מְהוּן דִיזֶע אַלֶע מִצְוֹת וָואס גָאט הָאט גֶערֶעט דוּרְךְ מֹשֶׁה ׃

23 אַלֶעס וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ אֵייךְ דוּרְךְ מֹשֶׁה, פוּן דֶעם טָאג וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען אוּנְד וֵוייטֶער בִּיז צוּ אַלֶע אֵייעֶרֶע דורות ׃

24 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין וֶוען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע אִיז עֶס גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען אוּמְגֶעוֶערֶען, זָאל דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע מַאכֶען אֵיין יוּנְגֶען שְׁטִיעֶר פַאר אֵיין בְּרַאנְדאָפְּפֶער צוּ אֵיין לִיבְּלִיכֶען גֶעשְׁמַאק צוּ גָאט, אוּנְד זֵיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער אוּנְד זֵיינֶע גִיסוּנְג גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס גֶערִיכְט, אוּנְד אֵיין צִיגֶען בֶּעקֶעל פַאר אֵיין זִינְדאָפְּפֶער ׃

25 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מְכַפֵּר זֵיין אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד עֶס זָאל זֵייא פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען, וֵוייל עֶס אִיז אֵיין אִירְטְהוּם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט אִיהְם זֵייעֶר אָפְּפֶער אֵיין פֵייעֶראָפְּפֶער צוּ גָאט, אוּנְד זֵייעֶר זִינְדאָפְּפֶער פַאר גָאט. וֶועגֶען זֵייעֶרֶע זִינְד אוּמְגֶעוֶערֶען ׃

26 אוּנְד עֶס זָאל פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד צוּ דֶעם פְרֶעמְדֶען וָואס וְואוֹינְט אוּנְטֶער זֵייא, וֵוייל עֶס אִיז אֵיין אִירְטְהוּם צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק ׃

27 אוּנְד אוֹיבּ אֵיינֶע זֶעעלֶע וֶועט זִינְדִיגֶען אוּמְגֶעוֶערֶען, זָאל זִיא בְּרֶענְגֶען אַ צִיג אֵיין יָאהְר אַלְט פַאר אֵיין זִינְדאָפְּפֶער ׃

28 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מְכַפֵּר זֵיין פַאר דִיא זֶעעלֶע וָואס אִירְט, וֵוייל זִיא הָאט גֶעזִינְדִיגְט אוּמְגֶעוֶערֶען פַאר גָאט, מְכַפֵּר צוּ זֵיין אוֹיף אִיהְם, אוּנְד עֶס זָאל אִיהְם פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען ׃

29 צוּ דֶעם אֵיינְגֶעבָּארֶענֶעם אוּנְטֶער דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד דֶעם פְרֶעמְדֶעם וָואס וְואוֹינְט אוּנְטֶער אֵייךְ אֵיין גֶעזֶעטְץ זָאל זֵיין צוּ אֵייךְ צוּ דֶעם וָואס זִינְדִיגְט אוּמְגֶעוֶערֶען ׃

30 אוּנְד דִיא זֶעעלֶע וֶועלְכֶע וֶועט עֶס זִינְדִיגֶען בְּמֵזִיד עֶס זֵייא פוּן דֶעם אֵיינְגֶעבָּארֶענֶער אָדֶער פוּן דֶעם פְרֶעמְדְלִינְג, עֶר לֶעסְטֶערְט גָאט, אַזוֹי זָאל דִיזֶע זֶעעלֶע פֶערְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן צְוִוישֶׁען אִיהְר פָאלְק ׃

31 וֵוייל זִיא הָאט פֶערְאַכְטֶעט גָאטֶעס וָוארְט, אוּנְד הָאט פַארְשְׁטֶערְט זֵיין גֶעבָּאט זִיא זָאל גֶעוִויס פֶערְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען אִיהְר זִינְד אִיז אַן אִיהְר ׃

32 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם מִדְבָּר, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעטְרָאפֶען אֵיין מַאן וָואס הָאט גֶעקְלִיבֶּען הָאלְץ אַם שַׁבָּת ׃

33 אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעפוּנֶען הָאלְץ קְלֵייבֶּען הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן אוּנְד צוּ דֶער גַאנְצֶער גֶעמֵיינְדֶע ׃

34 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעלֵייגְט אִין תְּפִיסָה וֵוייל עֶס וַואר נִיט בֶּעשֵׁיידֶען וָואס מֶען זָאל צוּ אִיהְם טְהוּן ׃

35 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, דֶער מַאן זָאל גֶעוִויס שְׁטַארְבֶּען דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע זָאל אִיהְם פֶערְשְׁטֵיינִיגֶען מִיט שְׁטֵיינֶער אוֹיסֶעוֶוענִיג פוּן דֶעם לָאגֶער ׃

36 אוּנְד דִיא גֶעמֵיינְדֶע הָאט אִיהְם אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוֹיסֶעוֶוענִיג פוּן דֶער

מחנ־

מַחֲנֶה אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם פֶּער־
שְׁטֵיינְט מִיט שְׁטֵיינֶער אוּנְד עֶר אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט
גֶעבָּאטֶען צוּ מֹשֶׁה:
37 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
38 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד
דוּא זָאלְסְט צוּ זַייא זָאגֶען אַז זַייא זָאלֶען
מַאכֶען צִיצִית אוֹיף דִיא עֶקֶען פוּן זַיירֶע
קְלֵיידֶער, צוּ זַיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, אוּנְד
זַייא זָאלֶען טְהוּן אוֹיף דִיא צִיצִית פוּן
דֶעם זוים אַיין בְּלוֹיעֶן פָאדִים:
39 אוּנְד זַייא זָאלֶען צוּ אֵייךְ זַיין פַאר
צִיצִית, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זַייא זֶעהֶען,
אוּנְד אִיהְר זָאלְט גֶעדֶענְקֶען אַלֶע
גֶעבָּאטֶע פוּן גָאט אוּנְד אִיהְר זָאלְט
זַייא טְהוּן, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט
אָפְּקֶערֶען נָאךְ אֵיירֶע הֶערְצֶער נָאךְ
אוּנְד נָאךְ אֵיירֶע אוֹיגֶען נָאךְ וָואס אִיהְר
קֶעהְרְט אָפּ נָאךְ זַייא:
40 דָאס אִיהְר זָאלְט גֶעדֶענְקֶען אוּנְד
אִיהְר זָאלְט טְהוּן אַלֶע מֵיינֶע גֶעבָּאטֶע,
אוּנְד אִיהְר זָאלְט זַיין הֵיילִיג צוּ אֵייעֶר
גָאט:
41 אִיךְ בִּין יְהוה אֵייעֶר גָאט וָואס
אִיךְ הָאב אֵייךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, צוּ אֵייךְ זַיין צוּ אַ
גָאט, אִיךְ בִּין יְהוה אֵייעֶר גָאט:

## קאפּיטעל טז קרח

1 אוּנְד עֶס הָאט גֶענוּמֶען קֹרַח דֶער
זוּהְן פוּן יִצְהָר, דֶער זוּהְן פוּן קְהָת, דֶער
זוּהְן פוּן לֵוִי, אוּנְד דָתָן אוּנְד אֲבִירָם
דִיא קִינְדֶער פוּן אֱלִיאָב, אוּנְד אוֹן דֶער
זוּהְן פוּן פֶּלֶת פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן
רְאוּבֵן:
2 אוּנְד זַייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
פַאר מֹשֶׁה אוּנְד פַאר דִיא לֵייטֶע פוּן
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, צְוֵייא הוּנְדֶערְט
אוּנְד פוּפְצִיג, דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דֶער
גֶעמֵיינְדֶע, בֶּערוּפֶענֶע פוּן דֶער פֶערְזַאמְ־
לוּנְג, בֶּערִימְטֶע מֶענְשֶׁען:
3 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט
קֶעגֶען מֹשֶׁה אוּנְד קֶעגֶען אַהֲרֹן, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען צוּ זַייא גֶעזָאגְט, עֶס אִיז
צוּ פִיל פַאר אֵייךְ, וָוארִין דִיא גַאנְצֶע
גֶעמֵיינְדֶע זֶענֶען אַלֶע הֵיילִיג אוּנְד גָאט
אִיז צְווִישֶׁען זַייא, אוּנְד וָוארוּם זָאלְט
אִיהְר אֵייךְ הֶעכֶער מַאכֶען אִיבֶּער
דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן גָאט?
4 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט דָאס גֶעהֶערְט,
אוּנְד אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף זַיין פָּנִים:
5 אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ קֹרַח
אוּנְד צוּ זַיינֶע גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע, מָארְגֶען
פְרִיה וֶועט גָאט בֶּעשְׁטִימֶען אַלֶע
וֶועלְכֶע זֶענֶען זַיינֶע, אוּנְד וֶוער עֶס אִיז
הֵיילִיג זָאל צוּ אִיהְם גֶענֶעהֶנֶען, אוּנְד
דֶער וֶועם עֶר וֶועט אוֹיסְדֶערְוֶוועלֶען זָאל
צוּ אִיהְם מַקְרִיב זַיין:
6 דָאס זָאלְט אִיהְר טְהוּן, נֶעמְט אֵייךְ
פֵייעֶר פַאנֶען, קֹרַח אוּנְד זַיינֶע גַאנְצֶע
גֶעמֵיינְדֶע:
7 אוּנְד אִיהְר זָאלְט דְרֵינֶען טְהוּן
פֵייעֶר, אוּנְד טְהוּט דַארוֹיף קְטֹרֶת, פַאר
גָאט, מָארְגֶען פְרִיה, אוּנְד עֶס וֶועט
זַיין דֶער מַאן וָואס גָאט וֶועט אִיהְם
אוֹיסְדֶערְוֶוועלֶען דֶער וֶועלְכֶער אִיז
הֵיילִיג, עֶס אִיז צוּ פִיל פַאר אֵייךְ אִיהְר
קִינְדֶער פוּן לֵוִי:
8 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ קֹרַח
הֶערְט צוּ, אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, קִינְדֶער פוּן
לֵוִי:
9 אִיז עֶס פַאר אֵייךְ וֵוינִיג דָאס גָאט
פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט אֵייךְ אָפְּגֶעשֵׁייט פוּן
דֶער גֶעמֵיינְדֶע פוּן יִשְׂרָאֵל אֵייךְ נָאהֶענְט


צוּ

צוּ בְּרֶענְגֶען צוּ אִיהם, צוּ דִינֶען דֶעם דִינְסְט אִין דֶעם מִשְׁכָּן פוּן גָאט, אוּנְד צוּ שְׁטֵיין פַאר דֶער גֶעמֵיינְדֶע זֵייא צוּ דִינֶען ?

10 אוּנְד עֶר הָאט דִיךְ נָאהֶענְט גֶעבְּרַאכְט מִיט אַלֶע דֵיינֶע בְּרִידֶער דִיא קִינְדֶער פוּן לֵוִי מִיט דִיר, אוּנְד אִיהְר הָאט אוֹיךְ דִיא כְּהוּנָה בֶּעגֶערְט ?

11 דָארוּם, דוּא אוּנְד דֵיינֶע גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע וָואס הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט, עֶס אִיז קֶעגֶען גָאט. אוּנְד וָואס אִיז אַהֲרֹן דָאס אִיהְר מוּרְמֶעלְט קֶעגֶען אִיהם ?

12 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ רוּפֶען דָתָן אוּנְד אֲבִירָם דִיא זִיהְן פוּן אֱלִיאָב, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר וֶועלֶען נִיט אַרוֹיף גֵיין :

13 אִיז עֶס וֶוענִיג דָאס דוּא הָאסְט אוּנְס אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן אַ לַאנְד וָואס רִינְט מִיט מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג אוּנְס צוּ טֵייטֶען אִין דֶער מִדְבָּר, דָאס דוּא טְהוּסְט אוֹיךְ הֶערְשֶׁען אִיבֶּער אוּנְס מִיט הֶערְשֶׁערֵייא ?

14 דוּא הָאסְט אוּנְס אוֹיךְ נִיט גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם לַאנְד וָואס רִינְט מִיט מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג, אוּנְד הָאסְט אוּנְס נִיט גֶעגֶעבֶּען דִיא נַחֲלָה פוּן פֶעלְד אוּנְד וֵויינְגֶערְטֶען, ווִילְסְט דוּא אוֹיסְשְׁטֶעכֶען דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא דָאזִיגֶע מֶענְשֶׁען? מִיר וֶועלֶען נִיט אַרוֹיפְגֵיין :

15 אוּנְד עֶס הָאט זֵייעֶר פֶערְדְרָאסֶען צוּ מֹשֶׁה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט, דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט קֶעהְרֶען צוּ זֵייעֶר שְׁפֵּייזְאָפְּפֶער, אִיךְ הָאבּ נִיט אֵיין אֵיינְצִיגֶען אֵייזֶעל פוּן זֵייא אָנְגֶענָאמֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵיינֶעם פוּן זֵייא קֵיין שְׁלֶעכְטְּס גֶעטְהוּן :

16 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ קֹרַח, דוּא אוּנְד דֵיינֶע גֶעמֵיינְדֶע זֵייט פַאר גָאט מָארְגֶען, דוּא אוּנְד זֵייא אוּנְד אַהֲרֹן :

17 אוּנְד נֶעמְט יֶעדֶער מַאן זֵיינֶע פֵייעֶרְפַאן אוּנְד אִיהְר זָאלְט דְרוֹיף טְהוּן קְטֹרֶת. אוּנְד אִיהְר זָאלְט גֶענֶעהֶנֶען פַאר גָאט, יֶעדֶער מַאן מִיט זֵיינֶע פֵייעֶרְפַאן, צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג פֵייעֶרְפַאנֶען, אוּנְד דוּא אוּנְד אַהֲרֹן, אִיטְלִיכֶער מִיט זֵיינֶע פֵייעֶרְפַאן :

18 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען יֶעדֶער מַאן זֵיינֶע פֵייעֶרְפַאן אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען דְרוֹיף פֵייעֶר אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דְרוֹיף גֶעטְהוּן קְטֹרֶת, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט בֵּייא דֶער טְהִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, אוֹיךְ מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן :

19 אוּנְד קֹרַח הָאט אוֹיף זֵייא פֶערְזַאמֶעלְט דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע צוּ דֶער טְהִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן גָאט הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען צוּ דֶער גַאנְצֶער גֶעמֵיינְדֶע :

20 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן אַזוֹי צוּ זָאגֶען :

21 שֵׁייט אֵייךְ אָפּ פוּן דֶער דָאזִיגֶע גֶעמֵיינְדֶע, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא פֶערְצֶעהְרֶען וִויא אִין אַן אוֹיגֶענְבְּלִיק :

22 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע אָנְגֶעזִיכְטֶער אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, גָאט, דֶער גָאט פוּן דִיא גֵייסְטֶער פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען, אֵיין מֶענְש הָאט גֶעזִינְדִיגְט זָאלְסְט דוּא צָארְנִיג זֵיין אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער גֶעמֵיינְדֶע ?

23 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען :

24 רֶעד צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע אַזוֹי צוּ

זאָגען, גייט אויף פון רינגס אַרום פון דיא וואוינונגען פון קרח אונד דתן אונד אבירם :

25 אונד משה איז אויפגעשטאַנען אונד ער איז געגאַנגען צו דתן אונד אבירם, אונד נאָך איהם זענען געגאַנגען דיא עלטסטע פון ישראל :

26 אונד ער האָט גערעט צו דער געמיינדע אַזוי צו זאָגען, גייט אַוועק פון דיא געצעלטען פון דיזע שלעכטע מענשען, אונד איהר זאָלט ניט אָנריהרען אָן עטוואַס וואָס איז זייערס אַז איהר זאָלט ניט פערצעהרט ווערען דורך אַלע זייערע זינד :

27 אונד זייא זענען אַוועקגעגאַנגען פון רינגס אַרום פון דיא וואוינונג פון דתן אונד אבירם, אונד דתן אונד אבירם זענען אַרויסגעקאָמען אונד זענען געשטאַנען ביי דיא טהירען פון זייערע געצעלטען מיט זייערע ווייבער, זיהן אונד קליינע קינדער :

28 אונד משה האָט געזאָגט דערמיט זאָלט איהר וויסען דאָס גאָט האָט מיך געשיקט צו טהון אַלע דיזע זאַכען, אַז עס איז ניט פון מיין הארץ :

29 ווען דיזע וועלען שטאַרבען וויא אַלע אַנדערע מענשען אונד דיא בעפעלונג פון אַלע מענשען ווערט אויף זייא בעפעלט ווערען, אַזוי האָט מיך גאָט ניט געשיקט :

30 אָבער ווען גאָט וועט בעשאַפען אַ בעשעפעניס, אונד דיא ערד וועט אויפמאַכען איהר מויל אונד וועט זייא איינשלינגען אונד אַלעס וואָס זייערס איז אונד זייא וועלען לעבעדיגער הייט אַריין אין גרוב, וועט איהר וויסען דאָס דיזע מענשען האָבען גאָט ערצאָרענט :

31 אונד עס איז געוועזען ווען ער האָט אויפגעהערט צו רעדען אַלע דיא דאָזיגע ווערטער, האָט זיך דיא ערד אונטער זייא צושפּאָלטען :

32 אונד דיא ערד האָט איהר מויל אויפגעמאַכט אונד האָט זייא אונד זייערע הייזער איינגעשלונגען, אונד אַלע מענשען וואָס וואַרען מיט קרח, אונד דאָס גאַנצע פערמעגען :

33 אונד זייא אונד אַלעס זייערס איז אַרופגענידערט לעבעדיגערהייט אין גרוב, אונד דיא ערד האָט זיך איבער זייא צוגעדעקט, אונד זייא זענען פערלאָרען געגאַנגען פון צווישען דער געמיינדע :

34 אונד גאַנץ ישראל וואָס וואַרען אַרום זייא זענען אַוועקגעלאָפען פון זייער געשרייא, ווייל זייא האָבען געזאָגט פיליכט וועט אונס דיא ערד איינשלינגען :

35 אונד איין פייער איז אַרויסגעגאַנגען פון גאָט אונד האָט פערצעהרט דיא צוויא הונדערט אונד פופציג מענשען וואָס האָבען מקריב געוועזען קטרת :

## קפיטעל יז

1 אונד גאָט האָט גערעט צו משה אַזוי צו זאָגען :

2 זאָג צו אלעזר, דעם זוהן פון אהרן דעם כהן, אונד ער זאָל אויפהייבען דיא פייערפאַנען פון צווישען דיא ברענונג, אונד וואַרף אַוועק דאָס פייער, ווייל זייא האָבען עס הייליג געמאַכט :

3 דיא פייערפאַנען פון דיא דאָזיגע זינדער קענען זיך זעלבסט אונד זייא זאָלען זייא מאַכען צו בלעך אַלס איין איבערצוג צו דעם אָפּפער־שטוהל, דען זייא האָבען זייא געגעהנט פאַר גאָט, אונד זייא זענען געהיילינט



געווארען

גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זַיין צוּ אַיין
צֵייכֶען צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃
4 אוּנְד אֶלְעָזָר דֶער כֹּהֵן הָאט גֶענוּמֶען
דִיא קוּפֶּערְנֶע פֵייעֶרְפַאנֶען וָואס דִיא
וָועלְכֶע זֶענֶען פֶערְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען,
הָאבֶּען גֶענֶעהְנְט, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
דִין גֶעמַאכְט פַאר אַיין אִיבֶּערְדֶעק צוּ
דֶעם מִזְבֵּחַ׃
5 צוּ אַיין גֶעדֶעכְטְנִיס צוּ דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל אוּם וֶועגֶען דָאס אַיין פְרֶעמְדֶער
וָואס אִיז נִיט פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן אַהֲרֹן
זָאל נִיט מַקְרִיב זַיין קְטֹרֶת פַאר גָאט,
אוּנְד עֶר זָאל נִיט זַיין וִויא קֹרַח אוּנְד
זַיינֶע גֶעמֵיינְדֶע, וִויא גָאט הָאט גֶערֶעט
צוּ אִיהְם דוּרְךְ מֹשֶׁה׃
6 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע הָאט
אוֹיף דֶעם מָארְגֶען גֶעמוּרְמֶעלְט קֶעגֶען
מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיהְר
הָאט גֶעטֵייט דָאס פָאלְק פוּן גָאט׃
7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דִיא
גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע הָאט זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט
קֶעגֶען מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן אַזוֹי הָאבֶּען
זֵייא זִיךְ גֶעקֶעהְרְט צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן
דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד נוּן דֶער וָואלְקֶען
הָאט אִיהְם בֶּעדֶעקְט אוּנְד דֶער כָּבוֹד
פוּן גָאט הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען׃
8 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען צוּ פַאר דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער
פֶערְזַאמְלוּנְג׃
9 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
10 שֵׁייט אַייךְ אָב פוּן צְווִישֶׁען דִיא דָא־
זִיגֶע גֶעמֵיינְדֶע, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא פֶערְ־
צֶעהְרֶען אִין אַן אוֹיגֶענְבְּלִיק, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע אָנְגֶעזִיכְטֶער׃
11 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן
נֶעם אַ פֵייעֶרְפַאן אוּנְד גֶעבּ דְרוֹיף
רוֹיכְוֶוערְק אוּנְד פִיר עֶס אַרִיבֶּער שְׁנֶעל
אִיבֶּער דֶער גֶעמֵיינְדֶע אוּנְד זֵייא מְכַפֵּר
אוֹיף זֵייא, וָוארִין דֶער צָארְן פוּן גָאט
אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, דִיא פְּלָאג אִיז אָנְגֶע־
פַאנְגֶען׃
12 אוּנְד אַהֲרֹן הָאט גֶענוּמֶען אַזוֹי וִויא
מֹשֶׁה הָאט גֶעבָּאטֶען, אוּנְד אִיז גֶעלָאפֶען
אִין דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דִיא פְּלָאג
הָאט שׁוֹין אָנְגֶעפַאנְגֶען אִין צְווִישֶׁען דֶעם
פָאלְק, אוּנְד עֶר הָאט אַרֵיין גֶעטְהוּן
רוֹיכְוֶוערְק אוּנְד הָאט מְכַפֵּר גֶעוֶועזֶען
פַאר דֶעם פָאלְק׃
13 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט
צְווִישֶׁען דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע אוּנְד טוֹיטֶע
אוּנְד דִיא פְּלָאג אִיז אַיינְגֶעהַאלְטֶען
גֶעוָוארֶען׃
14 אוּנְד דִיא טוֹיטֶע פוּן דֶער פְּלָאג
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִירְצֶעהְן טוֹיזֶענְד אוּנְד
זִיבֶּען הוּנְדֶערְט, אוֹיסֶער דִיא וָואס זֶענֶען
גֶעשְׁטָארְבֶּען דוּרְךְ קֹרַח׃
15 אוּנְד אַהֲרֹן הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט
צוּ מֹשֶׁה צוּ דֶער טְהִיר פוּן דֶעם גֶע־
צֶעלְט פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דִיא
פְּלָאג אִיז אַיינְגֶעהַאלְטֶען גֶעוָוארֶען׃
16 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
17 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
נֶעם פוּן זֵייא אַיין שְׁטֶעקֶען, פוּן יֶעדֶע־
רֶען הוֹיזְפַאטֶער, פוּן אַלֶע זֵייעֶרֶע עֶלְטְ־
סְטֶע צוּ זֵייעֶרֶע הוֹיזְפֶעטֶער, צְוֶועלְף
שְׁטֶעקֶען, יֶעדֶערֶען מַאן זָאלְסְט דוּא
שְׁרֵייבֶּען זַיין נָאמֶען אוֹיף דֶעם שְׁטֶעקֶען׃
18 אוּנְד דֶעם נָאמֶען פוּן אַהֲרֹן זָאלְסְט
דוּא שְׁרֵייבֶּען אוֹיף דֶעם שְׁטֶעקֶען פוּן
לֵוִי, וָוארִין עֶס אִיז אַיין שְׁטֶעקֶען צוּ
דֶעם הוֹיפְּט פוּן זֵייעֶר הוֹיזְפַאטֶער׃
19 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא לֵייגֶען אִין



דעם

דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג
פַאר דֶעם צֵייגְנִיס, וְואוּ אִיךְ בֶּעוֵוייז מִיךְ
צוּ אֵייךְ:
20 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין דֶער מַאן וָואס
אִיךְ וֶועל אִין אִיהְם אוֹיסְדֶערְוֵויילֶען, זַיין
שְׁטֶעקֶען וֶועט בְּלִיהֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
שְׁטִיל מַאכֶען פוּן מִיר דָאס מוּרְמֶעלְן
וּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וָואס זַייא
מוּרְמֶעלְן קֶעגֶען אֵייךְ:
21 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶערֶעט צוּ דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד זַייא הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען, אַלֶע זַיירֶע עֶלְטְסְטֶע
אֵיין שְׁטֶעקֶען צוּ יֶעדֶען נָשִׂיא, נָאךְ זַיירֶע
הוֹיזְפֶּעטֶער, צְוֶועלְף שְׁטֶעקֶען, אוּנְד
דֶער שְׁטֶעקֶען פוּן אַהֲרֹן אִיז גֶעוֶועזֶען
צְוִוישֶׁען זַיירֶע שְׁטֶעקֶען:
22 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעלֵייגְט דִיא
שְׁטֶעקֶען פַאר גָאט אִין דֶעם גֶעצֶעלְט
פוּן דֶעם צֵייגְנִיס:
23 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף
מָארְגֶען, וֶוען משֶׁה אִיז גֶעקוּמֶען אִין
דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶעם צֵייגְנִיס אוּנְד זֶעה
דֶער שְׁטֶעקֶען פוּן אַהֲרֹן צוּ דֶעם הוֹיזְ־
פָּאטֶער פוּן לֵוִי, הָאט גֶעבְּלִיהְט, אוּנְד
עֶר הָאט אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט אַ בְּלוּם
אוּנְד הָאט גֶעשְׁפְּרָאצְט אַ שְׁפְּרָא־
צוּנְג, אוּנְד הָאט גֶעמַאכְט צֵייטִיגֶע
מַאנְדְלֶען:
24 אוּנְד משֶׁה הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט
אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע שְׁטֶעקֶען פוּן פַאר גָאט
צוּ אַלֶע קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָּארְכְטֶען אוּנְד זַייא
הָאבֶּען גֶענוּמֶען יֶעדֶער זַיין שְׁטֶעקֶען:
25 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ משֶׁה
לֵייג צוּרִיק דֶעם שְׁטֶעקֶען פוּן אַהֲרֹן צוּ
פַאר דֶעם צֵייגְנִיס פַאר אַ הִיטוּנְג, צוּ אֵיין
צֵייכֶען פַאר דִיא וִוידֶערְשְׁפֶּענְסְטִיגֶע קִינְ־
דֶער, אוּנְד עֶס זָאל אוֹיפְהֶערֶען זַייעֶר
מוּרְמֶעלֶען קֶעגֶען מִיר אַז זַייא זָאלֶען
נִיט שְׁטַארְבֶּען:
26 אוּנְד משֶׁה הָאט עֶס גֶעטְהוּן, אַזוֹי
וִויא גָאט הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי
הָאט עֶר גֶעטְהוּן:
27 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ משֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
זֶעה מִיר פֶערְגֵיין! מִיר וֶוערֶען פֶערְלָא־
רֶען, אַלֶע וֶוערֶען פֶערְלָארֶען:
28 יֶעדֶער וָואס גֶענֶעהֶנְט זִיךְ צוּם
מִשְׁכָּן פוּן גָאט וֶועט שְׁטַארְבֶּען,
זָאלֶען מִיר דֶען אִימְגַאנְצֶען אוּנְטֶערְ־
גֵיין?

## קַפִּיטֶעל יח

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ אַהֲרֹן,
דוּא אוּנְד דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד דֵיין הוֹיז
גֶעזִינְד מִיט דִיר, אִיהְר זָאלְט טְרָאגֶען
דִיא זִינְד פוּן דֶעם הֵיילִיגְטוּם אוּנְד
דוּא אוּנְד דֵיינֶע זִיהְן מִיט דִיר אִיהְר
זָאלְט טְרָאגֶען דִיא זִינְד פוּן אֵייעֶרֶע
כְּהוּנָה:
2 אוֹיךְ דֵיינֶע בְּרִידֶער פוּן דֶעם שֵׁבֶט
פוּן לֵוִי, דֶער שֵׁבֶט פוּן דֵיין פָאטֶער,
גֶענֶעהֶן מִיט דִיר, אוּנְד זַייא זָאלֶען זִיךְ
אָן דִיר בֶּעהֶעפְטֶען, אוּנְד זָאלֶען דִיךְ
בֶּעדִינֶען, אָבֶּער דוּא אוּנְד דֵיינֶע זִיהְן
מִיט דִיר זָאלֶען דִינֶען פַאר דֶעם גֶעצֶעלְט
פוּן דֶעם צֵייגְנִיס:
3 אוּנְד זַייא זָאלֶען הִיטֶען דֵיינֶע הִיטוּנְג
אוּנְד דִיא הִיטוּנְג פוּן דֶעם גַאנְצֶען
גֶעצֶעלְט, נֵייעֶרְט צוּ דִיא הֵיילִיגֶע כֵּלִים
אוּנְד צוּ דֶעם מִזְבֵּחַ זָאלֶען זַייא נִיט
גֶענֶעהֶנֶען, אַז זַייא זָאלֶען נִיט שְׁטַארְ־
בֶּען, אֶנְטְוֶועדֶער זַייא, אָדֶער אִיהְר:
4 אוּנְד זַייא זָאלֶען זִיךְ אָן דִיר בֶּעהֶעפְ־
טֶען אוּנְד זַייא זָאלֶען הִיטֶען דִיא

הִיטוּנְג

הִיטוּנְג פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער
פֶערְזַאמְלוּנְג צוּ אַלֶע דִינְסְטֶען פוּן דֶעם
גֶעצֶעלְט, אוּנְד קֵיין פְרֶעמְדֶער זָאל נִיט
גֶענֶעהֶנֶען צוּ אֵייךְ:
5 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען דִיא הֵיילִיגֶע
הִיטוּנְג אוּנְד דִיא הִיטוּנְג פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ,
אַז עֶס זָאל נִיט מֶער זֵיין קֵיין צָארְן
אוֹיף דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:
6 זֶעה, אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען אֵיירֶע בְּרִי־
דֶער דִיא לְוִיִם פוּן צְוִוישֶׁען דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל, צוּ אֵייךְ פַאר אַ גֶעשֶׁענְק זֶענֶען
זֵייא גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ גָאט, צוּ
דִינֶען דֶעם דִינְסְט פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט
פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג:
7 אוּנְד דוּא אוּנְד דֵיינֶע זִיהְן מִיט דִיר,
אִיהְר זָאלְט הִיטֶען דִיא כְּהֻנָּה, צוּ אַלֶעם
וָואס גֶעהֶערְט צוּם מִזְבֵּחַ, אוּנְד פוּן אִינְ־
עֶווֵיינִיג פוּם דֶעם אִיבֶּערְהַאנְג זָאלְט אִיהְר
דִינֶען, אֵיין פְרֵייעֶן דִינְסְט גֶעבּ אִיךְ
אֵיירֶע כְּהֻנָּה, אוּנְד אֵיין פְרֶעמְדֶער וָואס
וָועט זִיךְ גֶענֶעהֶנֶען זָאל שְׁטַארְבֶּען:
8 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן,
אוּנְד זֶעה, אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעגֶעבֶּען דִיא
הִיטוּנְג פוּן מֵיינֶע אָבְּשֵׁיידוּנְג צוּ אַלֶע
הֵיילִיגֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אִיךְ
הָאבּ זֵייא צוּ דִיר גֶעגֶעבֶּען פוּן וֶועגֶען
דִיא זַאלְבּוּנְג, אוּנְד צוּ דֵיינֶע זִיהְן צוּ
אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ:
9 דָאס דָאזִיגֶע זָאל זֵיין צוּ דִיר פוּן
דֶעם גַאנְץ הֵיילִיגֶען פוּן דֶעם פֵייעֶר,
אַלֶע זֵיירֶע אָפְּפֶער, צוּ אַלֶע זֵיירֶע שְׁפֵּייז־
אָפְּפֶער, אוּנְד צוּ אַלֶע זֵיירֶע זִינְדְאָפְּפֶער,
אוּנְד צוּ אַלֶע זֵיירֶע שׁוּלְדְאָפְּפֶער, וָואס
זֵייא וֶועלֶען צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען צוּ מִיר, זָאלֶען
זֵיין גַאנְץ הֵיילִיג צוּ דִיר אוּנְד צוּ דֵיינֶע
זִיהְן:
10 אִין דֶעם גַאנְץ הֵיילִיגֶען אָרְט זָאלְט
אִיהְר עֶס עֶסֶען, יֶעדֶער מַאנְסְפֶּערְזָאן
זָאל עֶס עֶסֶען, עֶס זָאל הֵיילִיג זֵיין צוּ דִיר:
11 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע זָאל זֵיין דֵיין,
דִיא אָבְּשֵׁיידוּנְג פוּן זֵיירֶע גָאבֶּען צוּ
אַלֶע אוֹיפְהֵייבּוּנְג פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
צוּ דִיר הָאבּ אִיךְ זֵייא גֶעגֶעבֶּען, צוּ
דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער מִיט דִיר, צוּ
אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ, יֶעדֶער וָואס אִיז
רֵיין אִין דֵיין הוֹיז זָאל עֶס עֶסֶען:
12 אַלֶעס בֶּעסְטֶע פוּן דֶעם אֵיילְבֶּערְט
אוּנְד אַלֶעס בֶּעסְטֶע פוּן דֶעם וֵויינְשְׁטָאק,
אוּנְד פוּן קָארְן, דָאס עֶרְשְׁטֶע וָואס זֵייא
וֶועלֶען גֶעבֶּען צוּ גָאט, הָאבּ אִיךְ זֵייא
צוּ דִיר גֶעגֶעבֶּען:
13 דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט פוּן אַלֶעם
וָואס אִיז אִין זֵייעֶר לַאנְד, וָואס זֵייא
וֶועלֶען בְּרֶענְגֶען צוּ גָאט, זָאל זֵיין צוּ
דִיר, אַלֶע רֵיינֶע אִין דֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד
זָאלֶען עֶס עֶסֶען:
14 אַלֶעס וָואס אִיז חֵרֶם אִין יִשְׂרָאֵל
זָאל צוּ דִיר גֶעהֶערֶען:
15 אַלֶע דִיא וָואס אוֹיפְמַאכֶען דִיא
גֶעבֶּערְמוּטֶער אִין אַלֶעם פְלֵיישׁ, וָואס זֵייא
וֶועלֶען גֶענֶעהֶנֶען צוּ גָאט, זֵייא עֶס פוּן
מֶענְשֶׁען אָדֶער פוּן בְּהֵמוֹת, זָאל זֵיין צוּ
דִיר, אָבֶּער דוּא זָאלְסְט גֶעווִיס אוֹיסְלֵייזֶען,
דֶעם בְּכוֹר פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען, אוּנְד דֶעם
בְּכוֹר פוּן דִיא אוּמְרֵיינֶע בְּהֵמָה זָאלְסְט
דוּא אוֹיסְלֵייזֶען:
16 אוּנְד זֵיינֶע אוֹיסְלֵייזוּנְג פוּן אֵיין
מָאנַאט אַלְט, זָאלְסְט דוּא אוֹיסְלֵייזֶען,
נָאךְ דֵיין שַׁאצוּנְג, אִין זִילְבֶּער, פוּפְצִיג
שְׁקָלִים נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ,
וָואס אִיז צְוַואנְצִיג גֵּרָה:
17 אָבֶּער דֶעם בְּכוֹר פוּן אֵיין אָקְס,
אָדֶער דֶעם בְּכוֹר פוּן אַ שָׁאף, אָדֶער
דֶעם בְּכוֹר פוּן אַ צִיג, זָאלְסְט דוּא נִיט

אויסְלֵייזֶען, זֵייא זֶענֶען הֵיילִיג, זֵייעֶר בְּלוּט זָאלְסְט דוּא שְׁפְּרֶענְקְלֶען אויף דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד זֵייעֶר פֶעט זָאלְסְט דוּא דֶעמְפְּפֶען אֵיין פֵייעֶר־אָפְּפֶער צוּ אֵיין לִיבְּלִיכֶען גֶעשְׁמַאק צוּ גָאט׃

18 אוּנְד זֵייעֶר פְלֵייש זָאל זֵיין צוּ דִיר, גְלֵייך אַזוֹי וִויא דִיא בְּרוּסְט פוּן דֶער אויפְהֵייבוּנְג, אוּנְד וִויא דִיא רֶעכְטֶע שׁוּלְטֶער זָאל זֵיין צוּ דִיר׃

19 אַלֶע אָבְּשֵׁיידוּנְג פוּן דִיא הֵיילִיגְקֵייט וָואס דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וֶועלֶען אָבְּשֵׁיידֶען צוּ גָאט, הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיר אוּנְד צוּ דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד צוּ דֵיינֶע טֶעכְטֶער מִיט דִיר פַאר אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ, עֶס אִיז אֵיין בּוּנְד פוּן זַאלְץ אויף אֵייבִּיג פַאר גָאט, צוּ דִיר אוּנְד צוּ דֵיינֶע קִינְדֶער נָאךְ דִיר׃

20 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן אִין זֵייעֶר לַאנְד זָאלְסְט דוּא נִיט יַרְשְׁ'נֶען אוּנְד צוּ דִיר זָאל נִיט זֵיין אַ הֶלֶק צְוִוישֶׁען זֵייא, אִיךְ בִּין דֵיין חֵלֶק אוּנְד דֵיין נַחֲלָה צְוִוישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃

21 אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן לֵוִי, זֶעה, הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען דָאס גַאנְצֶע מַעֲשֵׂר פוּן יִשְׂרָאֵל אַלְס אַ נַחֲלָה, אַ פֶערְבֵּייטוּנְג, זֵייעֶר דִינְסְט וָואס זֵייא דִינֶען דֶעם דִינְסְט פוּן דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד׃

22 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלֶען נִיט מֶעהְר גֶענֶעהְנֶען צוּ דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד צוּ טְרָאגֶען (אָדֶער לֵיידֶען) זִינְד צוּ שְׁטַארְבֶּען׃

23 אוּנְד דֶער לֵוִי זָאל דִינֶען דֶעם דִינְסְט פוּן דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד, אוּנְד זֵייא זָאלֶען טְרָאגֶען זֵייעֶרֶע זִינְד, עֶס זָאל זַיין אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ צוּ אֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, אוּנְד צְוִוישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלֶען זֵייא נִיט עֶרְבֶּען אַ נַחֲלָה׃

24 וָוארִין דָאס מַעֲשֵׂר פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וָואס זֵייא וֶועלֶען אָבְּשֵׁיידֶען צוּ גָאט אַן אָבְּשֵׁיידוּנְג דָאס הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא לְוִיִּם אַלְס אַ נַחֲלָה, דָארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, צְוִוישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלְט אִיהְר נִיט עֶרְבֶּען אַ נַחֲלָה׃

25 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען

26 אוּנְד דוּא זָאלְסְט רֶעדֶען צוּ דִיא לְוִיִּם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, וֶוען אִיהְר וֶועט נֶעמֶען מַעֲשֵׂר פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען פוּן זֵייא פַאר אֵיין עֶרְבְּטֵייל, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אָבְּשֵׁיידֶען דַאפוּן אַן אָבְּשֵׁיידוּנְג פַאר גָאט, מַעֲשֵׂר פוּן מַעֲשֵׂר׃

27 אוּנְד אֵייעֶרֶע אָבְּשֵׁיידוּנְג זָאל צוּ אֵייךְ גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען אַזוֹי וִויא דָאס קָארְן פוּן דִיא שֵׁייעֶר, אוּנְד וִויא דִיא דֶערְפִילוּנְג פוּן דֶער קֶעלְטֶער׃

28 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אויךְ אָבְּשֵׁיידֶען דִיא אָבְּשֵׁיידוּנְג צוּ גָאט פוּן אַלֶע אֵייעֶרֶע מַעַשְׂרוֹת וָואס אִיהְר וֶועט נֶעמֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיהְר זָאלְט גֶעבֶּען פוּן גָאטְס אָבְּשֵׁיידוּנְג צוּ אַהֲרֹן הַכֹּהֵן׃

29 פוּן אַלֶע אֵייעֶרֶע גָאבֶּען זָאלְט אִיהְר מַאבֶען אַן אָבְּשֵׁיידוּנְג פוּן גָאטְס וֶועגֶען, פוּן אַלֶעם בֶּעסְטֶען זֵיינֶע הֵיילִיגְקֵייט דַאפוּן׃

30 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, וֶוען אִיהְר וֶועט דָאס בֶּעסְטֶע דַאפוּן אָבְּשֵׁיידֶען, אַזוֹי זָאל עֶס גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען צוּ דִיא לְוִיִּם, אַזוֹי וִויא דִיא תְּבוּאָה פוּן דֶער שֵׁייעֶר, אוּנְד אַזוֹי וִויא דָאס אֵיינְקוּמֶען פוּן דֶער קֶעלְטֶער׃

31 אוּנְד אִיהְר מֶעגְט עֶס עֶסֶען אויף

אִיטְלִיכֶען אָרְט, אִיהְר אוּנְד אֵייעֶר הויזְגֶעזִינְד, וָוארִין עֶס אִיז אֵייעֶר לוין, אַ פֶּערְבֵּייטוּנְג פַאר אֵייעֶר דִינְסְט אִין דֶעם אהֶל מוֹעֵד׃

32 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט דֶערְפַאר לֵיידֶען קֵיינֶע זִינְד וֶוען אִיהְר וֶועט אָפְּשֵׁיידֶען דָאס בֶּעסְטֶע, אוּנְד דִיא הֵיילִיגְקֵייטֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלְט אִיהְר נִיט פֶערְשְׁוֶועכֶען, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט שְׁטַארְבֶּען׃

קאפיטעל יט חקת

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

2 דָאס אִיז דָאס גֶעזֶעץ פוּן דֶער תּוֹרָה וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען; רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַז זֵייא זָאלֶען צוּ דִיר נֶעמֶען אַ גַאנְץ רוֹיטֶע קוּה וָואס הָאט נִיט קֵיין פֶּעהְלֶער, אוּנְד אוֹיף וֶועלְכֶער אִיז נָאךְ נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין יָאךְ׃

3 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זִיא גֶעבֶּען צוּ אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן, אוּנְד עֶר זָאל זִיא אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען אוֹיסֶעוֶוענִיג פוּן דֶער מַחֲנֶה, אוּנְד מֶען זָאל זִיא שֶׁעכְטֶען פַאר אִיהְם׃

4 אוּנְד אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן זָאל נֶעמֶען פוּן אִיהְר בְּלוּט מִיט זֵיין פִינְגֶער אוּנְד עֶר זָאל שְׁפְּרֶענְגֶען פוּן אִיהְר בְּלוּט קֶעגֶען דֶעם אהֶל מוֹעֵד זִיבֶּען מָאל׃

5 אוּנְד דִיא קוּה זָאל פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען פַאר זֵיינֶע אוֹיגֶען, מִיט אִיהְר פֶעל אוּנְד מִיט אִיהְר פְלֵייש אוּנְד מִיט אִיהְר בְּלוּט, אוֹיף אִיהְר מִיסְט זָאל מַאן זִיא פֶערְבְּרֶענֶען׃

6 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל נֶעמֶען טֶענֶענְהָאלְץ אוּנְד אֵזוֹב, אוּנְד אַ רוֹיטֶען פָאדֶעם אוּנְד זָאל זֵייא אַרֵיינְוַוארְפֶען צְוִוישֶׁען דֶעם בְּרַאנְד פוּן דֶער קוּה׃

7 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל וַואשֶׁען זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד בָּאדֶען זֵיין לֵייב אִים וַואסֶער, אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאל עֶר אַרֵיינְקוּמֶען צוּ דֶער מַחֲנֶה; אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זֵיין אוּמְרֵיין בִּיז אָבֶענְד׃

8 אוּנְד דֶער וָואס פֶערְבְּרֶענְט זִיא זָאל וַואשֶׁען זֵיינֶע קְלֵיידֶער אִים וַואסֶער, אוּנְד בָּאדֶען זֵיין לֵייב אִים וַואסֶער, אוּנְד זָאל זֵיין אוּמְרֵיין בִּיז אָבֶענְד׃

9 אוּנְד אַ רֵיינֶער מַאן זָאל אֵיינְזַאמְלֶען דִיא אַשׁ פוּן דֶער קוּה, אוּנְד זָאל זִיא לֵייגֶען אוֹיסֶעוֶוענִיג פוּן דֶער מַחֲנֶה אוֹיף אַ רֵיינֶעם אָרְט, אוּנְד עֶס זָאל זֵיין צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל צוּ אַ הִיטוּנְג, צוּ שְׁפְּרֶענְגֶעדִיג וַואסֶער, אוּם דַאמִיט צוּ רֵיינִיגֶען׃

10 אוּנְד דֶער וָואס זַאמֶעלְט אֵיין דִיא אַשׁ פוּן דֶער קוּה זָאל וַואשֶׁען זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר זָאל זֵיין אוּמְרֵיין בִּיז אָבֶענְד, אוּנְד עֶס זָאל זֵיין צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד צוּ דֶעם גֵר וָואס וְואוֹינְט צְוִוישֶׁען אֵייךְ אֵיין אֵיבִּיגֶעס גֶעזֶעץ׃

11 דֶער וָואס רִירְט אָן אִיטְלִיכֶען טוֹיטֶען לֵייב פוּן אַ מֶענְשׁ, זָאל זֵיין אוּמְרֵיין זִיבֶּען טֶעג׃

12 עֶר זָאל זִיךְ רֵיינִיגֶען אַן דֶעם דְרִיטֶען טָאג, אוּנְד אַן דֶעם זִיבֶּענְטֶען טָאג זָאל עֶר זֵיין רֵיין; אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶערֵיינִיגְט אַן דֶעם דְרִיטֶען טָאג, אוּנְד אִין דֶעם זִיבֶּענְטֶען טָאג אַזוֹי זָאל עֶר נִיט רֵיין זֵיין׃

13 אִיטְלִיכֶער וָואס רִירְט אָן אַ טוֹיטֶען מֶענְשׁ וָואס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ נִיט רֵיינִיגֶען, דֶער הָאט פֶערְאוּמְרֵיינִיגְט דָאס מִשְׁכָּן פוּן גָאט,

דֶער זֶעלְבִּיגֶער מֶענְשׁ זָאל פֶּערְשְׁנִיטֶען
וֶוערֶען פוּן יִשְׂרָאֵל ; וָוארִין דָאס
שְׁפְּרֶענְג-וַואסֶער אִיז נִיט אוֹיף אִיהְם
גֶעשְׁפְּרֶענְגְט גֶעוָוארֶען, דֶער זָאל זַיין
אוּמְרֵיין, זַיינֶע אוּמְרֵיינִיגְקֵייט אִיז נָאךְ
אוֹיף אִיהְם :
14 דָאס אִיז דִיא לֶערְנוּנְג וֶוען אַ מֶענְשׁ
וֶועט שְׁטַארְבֶּען אִין אַ גֶעצֶעלְט, אִיטְ־
לִיכֶער וָואס וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֶעם
גֶעצֶעלְט, אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז אִין דֶעם
גֶעצֶעלְט זָאל זַיין אוּמְרֵיין זִיבֶּען טֶעג :
15 אוּנְד אַלֶע אָפֶענֶע כֵּלִים וָואס
זֶענֶען נִיט צוּגֶעדֶעקְט מִיט אַ דֶעקֶעל
זָאלֶען אוּמְרֵיין זַיין :
16 אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט אָנְרִירֶען
אָן אֵיינֶעם וָואס אִיז אוֹיף דֶעם פֶּעלְד
דֶערְשְׁלָאגֶען מִיט אַ שְׁוֶוערְט, אָדֶער אָן
אַ טוֹיטֶען, אָדֶער אָן אַ בֵּיין פוּן אַ
מֶענְשׁ, אָדֶער אָן אַ קֶבֶר, דֶער זָאל
אוּמְרֵיין זַיין זִיבֶּען טֶעג :
17 אוּנְד מֶען זָאל גֶעמֶען פַאר דֶעם
אוּמְרֵיינֶען פוּן דִיא אַשׁ פוּן פֶערְבְּרֶענוּנְג
צוּר רֵיינִיגוּנְג, אוּנְד מֶען זָאל דַארוֹיף
גֶעבֶּען לֶעבֶּעדִיג וַואסֶער אִין אַ כְּלִי :
18 אוּנְד מֶען זָאל גֶעמֶען אֵזוֹב אוּנְד
אַ רֵיינֶער מֶענְשׁ. זָאל עֶס אֵיינְטוּנְקֶען אִין
וַואסֶער אוּנְד זָאל עֶס שְׁפְּרֶענְגֶען אוֹיף
דֶעם גֶעצֶעלְט אוּנְד אוֹיף אַלֶע כֵּלִים, אוּנְד
אוֹיף אַלֶע מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען דָארְט,
אוּנְד אוֹיף דֶעם וָואס הָאט אָנְגֶערִירְט
אָן דֶעם בֵּיין, אָדֶער אָן דֶעם דֶערְשְׁלָאגֶע־
נֶעם, אָדֶער טוֹיטֶען אָדֶער אָן דֶעם קֶבֶר :
19 אוּנְד דֶער רֵיינֶער זָאל שְׁפְּרֶענְגֶען
אוֹיף דֶעם אוּמְרֵיינֶעם אָן דֶעם דְרִיטֶען
טָאג, אוּנְד אָן דֶעם זִיבְּטֶען טָאג, אוּנְד
עֶר זָאל גֶערֵיינִיגְט זַיין אָן דֶעם זִיבְּטֶען
טָאג ; אוּנְד עֶר זָאל וַואשֶׁען זַיינֶע קְלֵייר־
דֶער, אוּנְד זִיךְ בָּאדֶען אִים וַואסֶע־
אוּנְד אַם אָבֶענְד זָאל עֶר רֵיין זַיין :
20 אוּנְד וֶוען אַ מֶענְשׁ אִיז אוּמְרֵיין
אוּנְד וֶועט זִיךְ נִיט רֵיינִיגֶען, דֶערְזֶעלְבִּי־
גֶער מֶענְשׁ זָאל אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען
פוּן צְוִוישֶׁען דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג ; וָוארִין
עֶר הָאט פֶערְאוּמְרֵיינִיגְט דָאס מִקְדָשׁ
פוּן גָאט, דָאס שְׁפְּרֶענְגוַואסֶער אִיז נִיט
אוֹיף אִיהְם גֶעשְׁפְּרֶענְגְט גֶעוָוארֶען, עֶר
אִיז אוּמְרֵיין :
21 אוּנְד עֶס זָאל זַיין צוּ זֵייא פַאר
אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ ; אוּנְד דֶער וָואס
שְׁפְּרֶענְגְט מִיט דֶעם שְׁפְּרֶענְגוַואסֶער זָאל
וַואשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד דֶער וָואס
רִירְט אָן אָן דֶעם שְׁפְּרֶענְגוַואסֶער זָאל
זַיין אוּמְרֵיין בִּיז אָבֶענְד :
22 אוּנְד אַלֶעס וָואס דֶער אוּמְרֵיינֶער
וֶועט אָנְרִירֶען זָאל זַיין אוּמְרֵיין ; אוּנְד
וֶוען אֵיינֶער וֶועט אִיהְם אָנְרִירֶען זָאל
עֶר זַיין אוּמְרֵיין בִּיז אָבֶענְד :

קאפיטעל כ

1 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ
דֶער מִדְבָּר צִן אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען חֹדֶשׁ,
אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין
קָדֵשׁ. אוּנְד מִרְיָם אִיז דָארְט גֶעשְׁטָאר־
בֶּען אוּנְד זִיא אִיז דָארְטֶען בֶּעגְרָאבֶּען
גֶעוָוארֶען :
2 אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין
וַואסֶער צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע ; אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט קֶעגֶען מֹשֶׁה
אוּנְד קֶעגֶען אַהֲרֹן :
3 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ גֶעקְרִיגְט
מִיט מֹשֶׁה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, הַלְוַאי וָואלְטֶען מִיר
פֶערְגַאנְגֶען אַזוֹי וִויא אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער
זֶענֶען פֶערְגַאנְגֶען פַאר גָאט !

4 אוּנְד פַאר וָואס הָאט אִיהְר גֶעבְּ־
רֶענְגְט דִיא גַאנְצֶע גְעמֵיינְדֶע פוּן גָאט
אִין דֶער דָאזִיגֶער מִדְבָּר, אַז מִיר זָאלֶען
דָארְטֶען שְׁטַארְבֶּען אוּנְד אוּנְזֶער פִיךְ ?
5 אוּנְד פַאר וָואס הָאט אִיהְר אוּנְס
אַרוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט פוּן מִצְרַיִם אוּם אוּנְס
אַרֵיינְצוּבְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען שְׁלֶעכְ־
טֶען אָרְט ? דָאס אִיז נִיט אֵיין אָרְט פוּן
זָאמֶען, אוּנְד פֵייגֶען, אוּנְד וֵויינְטְרוֹיבֶּען
אוּנְד מִילְגְרוֹימֶען, אוּנְד עֶס אִיז אוֹיךְ
נִיט דָא קֵיין וַואסֶער צוּ טְרִינְקֶען :
6 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן זֶענֶען גֶעקוּ־
מֶען פוּן פַאר דֶער פֶערזַאמְלוּנְג צוּ
דֶער טְהִיר פוּן דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵייעֶר פָּנִים ;
אוּנְד דִיא הֶערלִיכְקֵייט פוּן גָאט
הָאט זִיךְ צוּ זֵייא בֶּעווִיזֶען :
7 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
8 נֶעם דֶעם שְׁטֶעקֶען אוּנְד זַאמֶעל
אֵיין דִיא גֶעמֵיינְדֶע, דוּא אוּנְד אַהֲרֹן
דֵיין בְּרוּדֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט רֶעדֶען
צוּ דֶעם פֶעלְז פַאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוּנְד
עֶר וֶועט גֶעבֶּען וַואסֶער, אוּנְד אַזוֹי
זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען
וַואסֶער פוּן דֶעם פֶעלְז, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
אָנְטְרִינְקֶען דִיא גֶעמֵיינְדֶע אוּנְד זֵייעֶר
פִיךְ :
9 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען דֶעם
שְׁטֶעקֶען פוּן פַאר גָאט, אַזוֹי וִויא עֶר
הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען :
10 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן הָאבֶּען
אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דִיא גֶעמֵיינְדֶע צוּ פַאר
דֶעם פֶעלְז, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, הֶערְט נוּן צוּ, אִיהְר ווִידֶערְ־
שְׁפֶּענִיגֶער, זָאלֶען מִיר פוּן דֶעם דָאזִיגֶען
פֶעלְזֶען צוּ אֵייךְ אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען וַואסֶער ?

11 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
זֵיינֶע הַאנְד אוּנְד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם
פֶעלְז מִיט זֵיין שְׁטֶעקֶען צְוֵוייא מָאל,
אוּנְד פִיל וַואסֶער אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד דִיא גֶעמֵיינְדֶע אוּנְד זֵייעֶרֶע בְּהֵמוֹת
הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען :
12 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה
אוּנְד צוּ אַהֲרֹן, ווייל אִיהְר הָאט מִיר
נִיט גֶעגְלֵייבְּט, אוּם מִיךְ צוּ הֵיילִיגֶען
פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
דַארוּם זָאלְט אִיהְר נִיט אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען
דִיזֶע גֶעמֵיינְדֶע אִין דֶעם לַאנְד וָואס
אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען :
13 זֵייא זֶענֶען דִיא קְרִיגֶענְדִיגֶע וַוא־
סֶער אִיבֶּער וֶועלְכֶעס דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעקְרִיגְט קֶעגֶען גָאט, אוּנְד עֶר
אִיז גֶעהֵיילִיגְט גֶעוָוארֶען אִין זֵייא :
14 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים
פוּן קָדֵשׁ צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן אֱדוֹם, אַזוֹי
זָאגְט דֵיין בְּרוּדֶער יִשְׂרָאֵל, דוּא וֵוייסְט
דָאךְ דִיא גַאנְצֶע מִידִיגְקֵייט וָואס הָאט
אוּנְס אָנְגֶעטְרָאפֶען :
15 אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאבֶּען אַרָאפְּגֶענִי־
דֶערְט קֵיין מִצְרַיִם, אוּנְד הָאבֶּען גֶע־
וְואוֹינְט אִין מִצְרַיִם פִילֶע יָאהְר, אוּנְד
דִיא מִצְרִים הָאבֶּען צוּ אוּנְס אוּנְד צוּ
אוּנְזֶערֶע אָבוֹת שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן :
16 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען צוּ
גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֶערְט אוּנְזֶער
קוֹל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט אַ מַלְאָךְ,
אוּנְד עֶר הָאט אוּנְס אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט
אוֹיס מִצְרַיִם, אוּנְד זֶעה, מִיר זֶענֶען אִין
קָדֵשׁ, דִיא שְׁטָאט וָואס אִיז אִין עֶק פוּן
דֵיינֶע גְרֶענְעֶץ :
17 אַזוֹי בֶּעטֶען מִיר דִיךְ, לָאז אוּנְס
אִיבֶּערְפָאהְרֶען דוּרְךְ דֵיין לַאנְד, מִיר
וֶועלֶען נִיט אִיבֶּערְפָאהְרֶען דוּרְךְ אַ

פֶעלְד אָדֶער אַ װײנְגָארְטֶען, אוּנְד מִיר װֶעלֶען נִיט טְרִינְקֶען קֵיין װַאסֶער פוּן דֶעם בְּרוּנֶען, אוֹיף דֶעם װֶעג פוּן דֶעם מֶלֶךְ װֶעלֶען מִיר גֵיין, מִיר װֶעלֶען זִיךְ נִיט אָפְּנֵייגֶען צוּר רֶעכְטֶען אָדֶער צוּר לִינְקֶען בִּיז מִיר װֶעלֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דֵיינֶע גְרֶענֶעצֶען ׃

18 אוּנְד אֱדוֹם הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט אִיבֶּערְפָּאהְרֶען דוּרְךְ מַיין לַאנְד, אַז אִיךְ זָאל נִיט אַרוֹיסְגֵיין דִיר עֶנְטְקֶעגֶען מִיט אַ שְׁװֶערְד ׃

19 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר װֶעלֶען אַרוֹיפְגֵיין בַּייא דִיא שְׁטֶעגֶען, אוּנְד װֶען מִיר װֶעלֶען טְרִינְקֶען פוּן דֵיין װַאסֶער, אִיךְ אוּנְד מַיין פִיךְ, אַזוֹי װֶעלֶען מִיר דֶערְפַאר בֶּעצָאלֶען, גֵייעֶרְט אִין קֵיין שׁוּם זַאךְ װֶעלֶען מִיר שַׁאדֶען טְהוּן, צוּ פוּס װֶעלֶען מִיר אַרִיבֶּערְגֵיין ׃

20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט אִיבֶּערְפָּאהְרֶען; אוּנְד אֱדוֹם אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען מִיט אַ גְרוֹיס פָּאלְק, אוּנְד מִיט אַ שְׁטַארְקֶע הַאנְד ׃

21 אוּנְד אֱדוֹם הָאט נִיט צוּגֶעגֶעבֶּען אַז יִשְׂרָאֵל זָאל אִיבֶּערְפָּאהְרֶען דוּרְךְ זַיינֶע גְרֶענֶעצְן, אַזוֹי הָאט זִיךְ יִשְׂרָאֵל אָפְּגֶענֵייגְט פוּן אִיהְם ׃

22 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַװֶעקְגֶעצוֹיגֶען פוּן קָדֵשׁ, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם בַּארְג הֹר ׃

23 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן בַּייא דֶעם בַּארְג הֹר, אִין דֶער גְרֶענֶעץ פוּן דֶעם לַאנְד אֱדוֹם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען ׃

24 אַהֲרֹן זָאל אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט װֶערֶען צוּ זַיין פָּאלְק; װָארִין עֶר זָאל נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֶעם לַאנְד װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, װַייל אִיהְר הָאט װִידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט קֶעגֶען מִיר בַּייא דֶעם מֵי מְרִיבָה ׃

25 נֶעם אַהֲרֹן אוּנְד אֶלְעָזָר זַיין זוּהְן, אוּנְד בְּרֶענְג זֵייא אַרוֹיף אוֹיף דֶעם בַּארְג הֹר ׃

26 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָפְּצִיהֶען דִיא קְלֵיידֶער פוּן אַהֲרֹן אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אָנְטְהוּן אוֹיף אֶלְעָזָר זַיין זוּהְן, אוּנְד אַהֲרֹן זָאל אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט װֶערֶען, אוּנְד דָארְט שְׁטַארְבֶּען ׃

27 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי װִיא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען; אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג הֹר פָאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶער גַאנְצֶען גֶעמֵיינְדֶע ׃

28 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט אָפְּגֶעצוֹיגֶען דִיא קְלֵיידֶער פוּן אַהֲרֹן, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעטְהוּן אֶלְעָזָר זַיין זוּהְן, אוּנְד אַהֲרֹן אִיז דָארְט גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַן דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בַּארְג; אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אֶלְעָזָר זֶענֶען אַרָאפְּגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם בַּארְג ׃

29 אוּנְד װֶען דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע הָאט גֶעזֶעהֶען אַז אַהֲרֹן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי הָאט דָאס גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹן בֶּעװֵיינְט דְרֵייסִיג טֶעג ׃

## קַפִּיטֶעל כא

1 אוּנְד דֶער כְּנַעֲנִי הָאט גֶעהֶערְט, דֶער מֶלֶךְ פוּן עֲרָד, װָאס װָאוֹינְט קֶעגֶען דָרוֹם זַייט, אַז יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעקוּמֶען דֶעם װֶעג פוּן דִיא אוֹיסְפָּארְשֶׁער (מְרַגְּלִים) אַזוֹי הָאט עֶר מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט פוּן זֵייא גֶעפַאנְגֶען אַ גֶעפֶענְגֶענִיס ׃

2 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן

צוּ גָאט, אוּנְד גֶעזָאגְט, װֶען דוּא װֶעסְט גֶעבֶּען דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק אִין מֵיינֶע הַאנְד, אַזוֹי װֶעל אִיךְ פֶערְװִיסְטֶען זֵיירֶע שְׁטֶעט:

3 אוּנְד גָאט הָאט גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען דֶעם כְּנַעֲנִי; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא פֶערְװִיסְטֶעט אוּנְד זֵיירֶע שְׁטֶעט, אוּנְד מֶען הָאט גֶערוּפֶען דֶעם אָרְט חָרְמָה:

4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַװֶעקְגֶעצוֹיגֶען פוּן דֶעם בַּארְג הֹר, אוֹיף דֶעם װֶעג פוּן יַם סוּף, אַרוּמְצוּרִינְגֶעלְן דָאס לַאנְד פוּן אֱדוֹם; אוּנְד דָאס גֶעמִיט פוּן דֶעם פָאלְק אִיז קוּרְץ גֶעװָארֶען אוֹיף דֶעם װֶעג:

5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערֶעט קֶעגֶען גָאט אוּנְד קֶעגֶען מֹשֶׁה, פַאר װָאס הָאסְט דוּא אוּנְס אַרוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט פוּן מִצְרַיִם אַז מִיר זָאלֶען שְׁטַארְבֶּען אִין דֶער מִדְבָּר? װָארִין עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין בְּרוֹיט אוּנְד קֵיין װַאסֶער, אוּנְד אוּנְזֶערֶע לֵייבֶּער עֶקֶעלְט װֶעגֶען דֶעם לֵייכְטֶען בְּרוֹיט:

6 אַזוֹי הָאט גָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְטֶער דֶעם פָאלְק דִיא בְּרֶענֶענְדִיגֶע שְׁלַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבִּיסֶען דָאס פָאלְק, אוּנְד פִיל פָאלְק פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען:

7 אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז גֶעקוּמֶען צוּ מֹשֶׁה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, װֵייל מִיר הָאבֶּען גֶערֶעט קֶעגֶען גָאט אוּנְד קֶעגֶען דִיר; בֶּעט צוּ גָאט אַז עֶר זָאל אָפְּטְהוּן פוּן אוּנְס דִיא שְׁלַאנְג, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעבֶּעטֶען פַאר דֶעם פָאלְק:

8 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, מַאךְ דִיר אַ בְּרֶענֶענְדִיגֶע שְׁלַאנְג, אוּנְד טְהוּא זִיא אוֹיף אַ שְׁטַאנְג, אוּנְד עֶס װֶעט זֵיין אִיטְלִיכֶער װָאס אִיז גֶעבִּיסֶען גֶעװָארֶען, אַז עֶר װֶעט זִיא אָנְזֶעהֶען אַזוֹי װֶעט עֶר לֶעבֶּען:

9 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעמַאכְט אַ קוּפֶּערְנֶע שְׁלַאנְג אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶעטְהוּן אוֹיף אַ שְׁטַאנְג, אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען אַ שְׁלַאנְג הָאט אֵיינֶעם גֶעבִּיסֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעבְּרִיקְט אוֹיף דֶער קוּפֶּערְנֶע שְׁלַאנְג אַזוֹי אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבֶּען:

10 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין אֹבֹת:

11 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַװֶעקְגֶעצוֹיגֶען פוּן אֹבֹת אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין עִיֵּי הָעֲבָרִים, אִין דֶער מִדְבָּר, װָאס אִיז פַאר מוֹאָב, װְאוּ דִיא זוּן גֵייט אוֹיף:

12 פוּן דָארְטֶען הָאבֶּען זֵייא אַװֶעקְגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין נַחַל זָרֶד:

13 פוּן דָארְטֶען הָאבֶּען זֵייא אַװֶעקְגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זֵייט אַרְנוֹן, װָאס אִיז אִין דֶער מִדְבָּר װָאס גֵייט אַרוֹיס פוּן דֶער גְרֶענֶעץ פוּן דֶעם אֱמוֹרִי. װָארִין אַרְנוֹן אִיז דִיא גְרֶענֶעץ פוּן מוֹאָב צְװִישֶׁען מוֹאָב אוּנְד צְװִישֶׁען דֶעם אֱמוֹרִי:

14 דָארִיבֶּער װֶערְט עֶס גֶעזָאגְט אִין דֶעם סֵפֶר מִלְחָמוֹת פוּן גָאט, וָהֵב אִין סוּפָה, אוּנְד דִיא בֶּעךְ פוּן אַרְנוֹן:

15 אוּנְד דֶער אוֹיסְגַאנְג פוּן דִיא בֶּעכֶער װָאס גֵייגֶען זִיךְ צוּ דִיא װְאוֹינוּנְגֶען פוּן עָר, אוּנְד לֶעהְנֶען זִיךְ צוּ דֶער גְרֶענֶעץ פוּן מוֹאָב:

16 אוּנְד פוּן דָארְט אִיז דֶער בְּרוּנֶען פוּן װֶעלְכֶען גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה

זַאמֶעל אֵיין דָאס פָאלְק אוּנְד אִיךְ וֶועל
צוּ זֵייא גֶעבֶּען וַואסֶער:
17 דֶענְסְטמָאל הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעזוּנְגֶען
דֶעם דָאזִיגֶען גֶעזַאנְג, גֵייא אוֹיף דוּא
בְּרוּנֶען, עֶנְטפֶערְט צוּ אִיהְר:
18 דֶעם בְּרוּנֶען הָאבֶּען פִירְשְׂטֶע אוֹיס־
גֶעגְרָאבֶּען, דִיא הַארֶען פוּן דֶעם פָאלְק
דוּרְךְ דֶעם מְחוֹקֵק הָאבֶּען גֶעגְרָאבֶּען
מִיט זֵיירֶע שְׂטֶעקֶען, אוּנְד פוּן דֶער
מִדְבָּר נָאךְ מַתָּנָה:
19 אוּנְד פוּן מַתָּנָה נָאךְ נַחֲלִיאֵל אוּנְד
פוּן נַחֲלִיאֵל נָאךְ בָּמוֹת:
20 אוּנְד פוּן בָּמוֹת צוּ דֶעם טְהָאל
וָואס אִיז אִין דֶעם פֶעלְד מוֹאָב, אוֹיף
דֶער שְׂפִּיץ פוּן פִּסְגָה, וְואוּ מֶען קוּמְט
קֶעגֶען יְשִׁימֹן:
21 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעשִׂיקְט שְׁלוּחִים
צוּ סִיחוֹן קֶענִיג פוּן דֶעם אֱמוֹרִי, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען:
22 לָאז מִיךְ אִיבֶּערפָארֶען דֵיין לַאנְד,
מִיר וֶועלֶען זִיךְ נִיט אָבְּקֶערֶען פוּן דֶעם
פֶעלְד אָדֶער וֵויינְגָארְטֶען; מִיר וֶועלֶען
נִיט טְרִינְקֶען וַואסֶער פוּן בְּרוּנֶען. מִיר
וֶועלֶען גֵיין אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן מֶלֶךְ,
בִּיז מִיר וֶועלֶען אִיבֶּערפָארֶען דֵיינֶע
גְרֶענֶעץ:
23 אוּנְד סִיחוֹן הָאט נִיט גֶעלָאזְט
יִשְׂרָאֵל אִיבֶּערפָארֶען דוּרְךְ זֵיינֶע גְרֶע־
נֶעץ. אוּנְד סִיחוֹן הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט
זֵיין גַאנְצֶעם פָאלְק אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען עֶנְטקֶעגֶען יִשְׂרָאֵל נָאךְ דֶער
מִדְבָּר, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ
יַהְצָה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטְרִיטֶען
קֶעגֶען יִשְׂרָאֵל:
24 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען
מִיט דֶער שַׁארְף פוּם שְׁוֶוערְט, אוּנְד עֶר
הָאט אֵיינְגֶענוּמֶען זֵיין לַאנְד, פוּן אַרְנוֹן
בִּיז יַבּוֹק, בִּיז צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן,
וָוארִין דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דִיא קִינְדֶער
עַמּוֹן אִיז שְׁטַארְק גֶעוֶועזֶען:
25 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען
אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע שְׁטֶעט, אוּנְד יִשְׂרָאֵל
הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין אַלֶע שְׁטֶעט פוּן
דֶעם אֱמוֹרִי, אִין חֶשְׁבּוֹן אוּנְד אִין אַלֶע
אִיהְרֶע דֶערְפֶער:
26 וָוארִין חֶשְׁבּוֹן אִיז דִיא שְׁטָאט פוּן
סִיחוֹן קֶענִיג פוּן אֱמוֹרִי, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעשְׁטְרִיטֶען מִיט דֶעם עֶרְשְׁטֶען קֶענִיג
פוּן מוֹאָב, אוּנְד עֶר הָאט אַוֶועקְגֶענוּ־
מֶען זֵיין גַאנְצֶעם לַאנְד פוּן זֵיין הַאנְד,
בִּיז נָאךְ אַרְנוֹן:
27 דַארוּם זָאגֶען דִיא וָואס מַאכֶען
מְשָׁלִים, קוּמְט נָאךְ חֶשְׁבּוֹן; דִיא שְׁטָאט
סִיחוֹן, עֶס זָאל גֶעבּוֹיט וֶוערֶען אוּנְד
אָנְגֶעבְּרֵייט וֶוערֶען:
28 וָוארִין אַ פֵייעֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
פוּן חֶשְׁבּוֹן, אוּנְד אַ פְלַאם פוּן דֶער
הוֹיפְּטשְׁטָאט פוּן סִיחוֹן הָאט פֶערבְּרֶענְט
עָר פוּן מוֹאָב, אוּנְד דִיא הַארֶען פוּן
דֶער הֵייךְ פוּן אַרְנוֹן:
29 וֵויא אִיז דִיר מוֹאָב! דוּא פָאלְק
פוּן כְּמוֹשׁ בִּיזְט פֶערלָארֶען, עֶר הָאט
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען זֵיינֶע זִיהְן צוּם עֶנְטלוֹי־
פֶען, אוּנְד זֵיינֶע טֶעכְטֶער אִין גֶעפַאנְ־
גֶענְשַׁאפְט צוּ סִיחוֹן דֶעם קֶענִיג פוּן
אֱמוֹרִי:
30 אוּנְד מִיר הָאבֶּען זֵייא גֶעשָׁאסֶען,
חֶשְׁבּוֹן אִיז פֶערְטִילִיגְט בִּיז נָאךְ דִיבוֹן,
אוּנְד מִיר הָאבֶּען זֵייא פֶערְוִוישְׂטֶעט
בִּיז נוֹפַח, וָואס אִיז בֵּייא מֵידְבָא:
31 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט
אִין דֶעם לַאנְד פוּן דֶעם אֱמוֹרִי:
32 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעשִׂיקְט אוֹיסְצוּ־
פָארְשֶׁען יַעְזֵר, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
איינגענומען

אֵיינְגֶענוּמֶען אִיהְרֶע דֶערְפֶער, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען פֶערְטְרִיבֶּען דֶעם אֱמוֹרִי
וָואס אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען:
33 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט
אוּנְד זֶענֶען אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם
וֶועג נָאךְ בָּשָׁן, אוּנְד עוֹג דֶער קֶענִיג
פוּן בָּשָׁן אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען עֶנְטקֶעגֶען
זֵייא, עֶר אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעס פָאלְק
מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען אִין אֶדְרֶעִי:
34 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט פַאר אִיהְם פִירכְ־
טֶען, וָוארִין אִיךְ הָאבּ אִיהְם אוּנְד זֵיין
גַאנְצֶעס פָאלְק אוּנְד זֵיין לַאנְד, אִין
דֵיינֶע הַאנְד גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
צוּ אִיהְם טְהוּן אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט
גֶעטְהוּן צוּ סִיחוֹן דֶעם קֶענִיג פוּן אֱמוֹרִי,
וָואס הָאט גֶעווָאוֹינְט אִין חֶשְׁבּוֹן:
35 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען
אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעס
פָאלְק, בִּיז עֶס אִיז אִיהְם קֵיין אִיבֶּער־
בְּלֵייבּוּנְג נִיט אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעיִרְשַׁת זֵיין לַאנְד:

## קאפיטעל כב בלק

1 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
גֶעצוֹיגֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין
עַרְבוֹת מוֹאָב אִין דֶער אַנְדֶערֶען זֵייט
פוּן יַרְדֵן יְרֵחוֹ:
2 אוּנְד בָּלָק דֶער זוּהְן פוּן צִפּוֹר הָאט
גֶעזֶעהֶען אַלֶעס וָואס יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
גֶעטְהוּן צוּ דֶעם אֱמוֹרִי:
3 אוּנְד מוֹאָב הָאט זֵייעֶר מוֹרָא גֶעהַאט
פַאר דֶעם פָאלְק, וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען
גְרוֹיס, אוּנְד מוֹאָב הָאט זִיךְ פֶערְמוּאסְט
פַאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:
4 אוּנְד מוֹאָב הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
עֶלְצְטֶע פוּן מִדְיָן יֶעצְט וֶועלֶען דִיא
גֶעמֵיינְדֶע אָבְּגֶעסֶען אַלֶעס וָואס אִיז רוּנְד
אַרוּם אוּנְס וִויא אַיין אָקְס עֶסְט אָבּ דָאס
גְרִינֶע גְרָאז פוּן פֶעלְד, אוּנְד בָּלָק דֶער
זוּהְן פוּן צִפּוֹר אִיז דֶענְסְמָאל גֶעוֶועזֶען
קֶענִיג אִיבֶּער מוֹאָב:
5 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ
בִּלְעָם דֶעם זוּהְן פוּן בְּעוֹר נָאךְ פְּתוֹרָה
וָואס אִיז בֵּייא דֶעם טֵייךְ אִין דֶעם לַאנְד
פוּן זֵיין פָאלְק, אִיהְם צוּ רוּפֶען, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, זֶעה אַיין פָאלְק אִיז אַרוֹיסְ־
גֶעקוּמֶען פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד עֶס הָאט צוּ
גֶעדֶעקְט דֶעם שַׁיין פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד
עֶר זִיצְט קֶעגֶען אִיבֶּער מִיר:
6 אִיךְ בֶּעט דִיךְ קוּם יֶעצְט, פְלוּךְ מִיר
דָאס דָאזִיגֶען פָאלְק וַוייל עֶר אִיז
שְׁטַארְקֶער פוּן מִיר, פִילֵייכְט וֶועל אִיךְ
אִיהְם קֶענֶען שְׁלָאגֶען אוּנְד אִיהְם
פֶערְטְרֵייבֶּען פוּן דֶעם לַאנְד, וַוייל אִיךְ
וֵוייס אַז וֶועמֶען דוּא בֶּענְשְׁסְט אִיז
גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנְד וֶועמֶען דוּא פְלוּכְסְט
אִיז גֶעפְלוּכְט:
7 אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן מוֹאָב אוּנְד
פוּן מִדְיָן זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעהַאט אִין זֵייעֶר הַאנְד, דִיא
צָאל פַאר צוֹיבֶּערֵייא אוּנְד זֵייא זֶענֶען
גֶעקוּמֶען צוּ בִּלְעָם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם דֶערְצֵיילְט דִיא וֶוערְטֶער פוּן בָּלָק:
8 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
גֶענעכְטִיגְט אִיבֶּער הִיר דִיזֶע נַאכְט אוּנְד
אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַנְטְוָוארְטֶען אִיבֶּער
דִיזֶע זַאךְ וָואס גָאט וֶועט צוּ מִיר רֶעדֶען,
אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן מוֹאָב זֶענֶען
פֶערְבְּלִיבֶּען מִיט בִּלְעָם:
9 אוּנְד גָאט אִיז גֶעקוּמֶען צוּ בִּלְעָם
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער זֶענֶען דִיא
דָאזִיגֶע מֶענְשֶׁען מִיט דִיר?
10 אוּנְד בִּלְעָם הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט,
בָּלָק דֶער זוּהְן פוּן צִפּוֹר הָאט זֵייא צוּ

מִיר גֶעשִׁיקְט:

11 זֶעה דָאס פָאלְק וָואס אִיז אַרויסְ־
גֶעגַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם הָאט בֶּעדֶעקְט
דֶעם שַׁיין פוּן דֶעם לַאנְד, יֶעצְט קוּם
אוּנְד שֶׁעלְט מִיר אִיהְם, טָאמֶער וֶועל
אִיךְ קֶענֶען מִיט אִיהְם מִלְחָמָה הַאלְטֶען
אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם פֶערְטְרַייבֶּען:

12 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ בִּלְעָם,
דוּא זָאלְסְט נִיט גֵיין מִיט זֵייא, דוּא
זָאלְסְט נִיט פְלוּכֶען דָאס פָאלְק, ווייל
עֶס אִיז גֶעבֶּענְשְׁט:

13 אוּנְד בִּלְעָם אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין
דֶער פְרִיה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן בָּלָק גֵייט צוּ אֵייעֶר
לַאנְד, דֶען גָאט וִויל נִיט צוּגֶעבֶּען דָאס
אִיךְ זָאל מִיט אֵייךְ גֵיין:

14 אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן מוֹאָב זֶענֶען
אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ
בָּלָק אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, בִּלְעָם וִויל
נִיט מִיט אוּנְס גֵיין:

15 אוּנְד בָּלָק הָאט גֶעמֶעהְרְט צוּ
שִׁיקֶען נָאךְ מֶעהְר, אוּנְד גְרֶעסֶערֶע
פִירְשְׁטֶען פוּן דִיא דָאזִיגֶע:

16 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ בִּלְעָם
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַזוֹי
הָאט גֶעזָאגְט בָּלָק דֶער זוּהְן פוּן צִפּוֹר,
אִיךְ בֶּעט דִיךְ, דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְ־
מֵיידְען צוּ מִיר צוּ קוּמֶען:

17 וָוארִין אִיךְ וֶועל דִיךְ זֶעהְר בְּכָבוֹד
הַאלְטֶען, אוּנְד אַלֶעס וָואס דוּא וֶועסְט
צוּ מִיר זָאגֶען וֶועל אִיךְ טְהוּן, גֵייא נוּר
אוּנְד פְלוּךְ מִיר דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק:

18 אוּנְד בִּלְעָם הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט צוּ דִיא קְנֶעכְט פוּן בָּלָק, וֶוען
בָּלָק זָאל מִיר גֶעבֶּען זַיין הויז פִיל מִיט
זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד אַזוֹי קֶען אִיךְ נִיט
אִיבֶּערְטְרֶעטֶען דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן יְהוָה
מֵיין גָאט, אוּם צוּ טְהוּן אַ קְלֵיינֶע אָדֶער
אַ גְרויסֶע זַאךְ:

19 אוּנְד אַצוּנְד בְּלֵייבְּט נוּר דָא אויךְ
דִיזֶע נַאכְט, אַז אִיךְ זָאל וִויסֶען וָואס
גָאט וֶועט נָאךְ מֶעהְר מִיט מִיר רֶעדֶען:

20 אוּנְד גָאט אִיז גֶעקוּמֶען צוּ בִּלְעָם
בַּייא נַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, וֶוען דִיא מֶענֶער וָואס זֶענֶען
צוּ דִיר גֶעקוּמֶען רוּפֶען דִיךְ שְׁטֵייא אויף
אוּנְד גֵייא מִיט זֵייא, אָבֶּער דִיא זַאךְ
וָואס אִיךְ וֶועל צוּ דִיר רֶעדֶען דָאס
זָאלְסְט דוּא טְהוּן:

21 אַזוֹי אִיז בִּלְעָם אִין דֶער פְרִיה
אויפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאטֶעלְט
זַיין אֵייזֶעל, אוּנְד אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט דִיא
פִירְשְׁטֶען פוּן מוֹאָב:

22 אוּנְד דֶער צָארְן פוּן גָאט הָאט
גֶעגְרִימְט ווייל עֶר אִיז מִיט זֵייא גֶעגַאנְ־
גֶען, אוּנְד דֶער מַלְאָךְ פוּן גָאט הָאט
זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אִין דֶעם וֶועג אִיהְם אויפְ־
צוּהַאלְטֶען (זַיין שָׂטָן צוּ זַיין), אוּנְד עֶר
הָאט גֶערִיטֶען אויף זַיין אֵייזֶעל, אוּנְד
זַיינֶע צְווֵייא יוּנְגֶען מִיט אִיהְם:

23 אוּנְד דֶער אֵייזֶעל הָאט גֶעזֶעהֶען
דֶעם מַלְאָךְ פוּן גָאט שְׁטֵיין אִין דֶעם
וֶועג, אוּנְד זַיין בְּלויסֶעס שְׁוֶוערְט אִין
זַיינֶע הַאנְד, אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער אֵייזֶעל
אָפְּגֶענֵייגְט פוּן דֶעם וֶועג, אוּנְד אִיז
גֶעגַאנְגֶען אויף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד בִּלְעָם
הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם אֵייזֶעל אוּם אִיהְם
צוּרִיק צוּ נֵייגֶען אויף דֶעם וֶועג:

24 אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער מַלְאָךְ פוּן גָאט
גֶעשְׁטֶעלְט אִין דִיא שְׁטֶעגֶען פוּן דִיא
ווייְנְגֶערְטֶען, אַ צוֹים אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן
דִיא זַייט אוּנְד אַ צוֹים פוּן יֶענֶער זַייט:

25 אוּנְד וֶוען דֶער אֵייזֶעל הָאט גֶעזֶע־
הֶען דֶעם מַלְאָךְ פוּן גָאט, אַזוֹי הָאט



עֶר

עֶר זִיךְ גֶעקְוֶועטְשְׁט צוּ דֶער וַואנְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעקְוֶועטְשְׁט דֶעם פוּס פוּן בִּלְעָם אַן דֶער וַואנְד, אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְם נָאךְ מֶעהְר גֶעשְׁלָאגֶען:

26 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ פוּן גָאט אִיז נָאךְ אַמָאל אַרִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אִין אַן עֶנְגֶען אָרְט, וְואוּ עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען פְּלַאץ זִיךְ אָפְּצוּנֵייגֶען נִיט צוּר רֶעכְטֶען אוּנְד נִיט צוּר לִינְקֶען זַייט:

27 אוּנְד וֶוען דֶער אֵייזֶעל הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם מַלְאָךְ פוּן גָאט אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ אַנִידֶער גֶעלֵייגְט אוּנְטֶער בִּלְעָם; אוּנְד דֶער צָארְן פוּן בִּלְעָם הָאט גֶעגְרִימְט, אוּנְד עֶר הָאט דֶעם אֵייזֶעל גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דֶעם שְׁטֶעקֶען:

28 אוּנְד גָאט הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דָאס מוֹיל פוּן דֶעם אֵייזֶעל, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ בִּלְעָם, וָואס הָאבּ אִיךְ צוּ דִיר גֶעטְהוּן דָאס דוּא הָאסְט מִיךְ דִיזֶע דְרֵייא מָאל גֶעשְׁלָאגֶען?

29 אַזוֹי הָאט בִּלְעָם גֶעזָאגְט צוּם אֵייזֶל, וַוייל דוּא הָאסְט אוֹיס מִיר גֶעשְׁפֶּעט גֶעמַאכְט, הַלְוַואי וָואלְט גֶעוֶועזֶען אַ שְׁוֶוערְט אִין מֵיינֶע הַאנְד אַזוֹי הֶעט אִיךְ דִיךְ גֶעהַארְגֶעט:

30 אוּנְד דֶער אֵייזֶעל הָאט גֶעזָאגְט צוּ בִּלְעָם, בִּין אִיךְ נִיט דֵיין אֵייזֶעל, וָואס דוּא הָאסְט אוֹיף מִיר גֶערִיטֶען פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד אָן בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג? בִּין אִיךְ דֶען גֶעוְואוֹינְט דִיר אַזוֹי צוּ טְהוּן? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נֵיין:

31 אוּנְד גָאט הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דִיא אֵייגֶען פוּן בִּלְעָם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם מַלְאָךְ פוּן גָאט שְׁטֵיין אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד זֵיין בְּלוֹיסֶעס שְׁוֶוערְט אִין זֵיינֶע הַאנְד; אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט, אוּנְד אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵיין פָּנִים:

32 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ פוּן גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַאר וָואס הָאסְט דוּא דֵיין אֵייזֶעל גֶעשְׁלָאגֶען דִיזֶע דְרֵייא מָאל? זֶעה, אִיךְ בִּין אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דִיךְ צוּ הִינְדֶערְן וַוייל דֵיין וֶועג אִיז עֶנְטְקֶעגֶען מִיר:

33 אוּנְד וֶוען דֶער אֵייזֶעל הָאט מִיךְ גֶעזֶעהֶען הָאט עֶס זִיךְ פַאר מִיר אָפְּגֶעבֵייגְט דִיזֶע דְרֵייא מָאל; וֶוען זִיא הֶעט זִיךְ נִיט אָפְּגֶעבֵייגְט פוּן מִיר אַזוֹי הֶעט אִיךְ דִיךְ אוֹיךְ יֶעצְט גֶעוִויס גֶעהַארְגֶעט, אָבֶּער זִיא הֶעט אִיךְ גֶעלָאזְט לֶעבֶּען:

34 אוּנְד בִּלְעָם הָאט גֶעזָאגְט צוּם מַלְאָךְ פוּן גָאט, אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט, וָוארִין אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוִויסְט אַז דוּא בִּיזְט גֶעשְׁטַאנֶען עֶנְטְקֶעגֶען מִיר אוֹיף דֶעם וֶועג; אָבֶּער אַצוּנְד וֶוען עֶס דִיר אִיבֶּעל גֶעפֶעלְט אַזוֹי וֶועל אִיךְ מִיךְ אוּמְקֶערֶען:

35 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ פוּן גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ בִּלְעָם, גֵייא מִיט דִיא מֶענֶער, אָבֶּער נוּר דִיא וֶוערְטֶער וָואס אִיךְ וֶועל צוּ דִיר רֶעדֶען דָאס זָאלְסְט דוּא רֶעדֶען; אַזוֹי אִיז בִּלְעָם גֶעגַאנְגֶען מִיט דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן בָּלָק:

36 אוּנְד וֶוען בָּלָק הָאט גֶעהֶערְט אַז בִּלְעָם קוּמְט אַזוֹי אִיז עֶר אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער (הוֹיפְּט) שְׁטָאט פוּן מוֹאָב, בִּיז צוּ דֶער גְרֶענֶעץ פוּן אַרְנוֹן, וָואס אִיז אַן דֶעם עֶק פוּן דֶער גְרֶענֶעץ:

37 אוּנְד בָּלָק הָאט גֶעזָאגְט צוּ בִּלְעָם, הָאבּ אִיךְ נִיט עֶרְנְסְטְלִיךְ גֶעשִׁיקְט נָאךְ דִיר צוּ רוּפֶען? פַארְוָואס בִּיזְט דוּא נִיט צוּ מִיר גֶעקוּמֶען? בִּין אִיךְ

דֶען נִיט אִים שְׁטַאנְד דִיךְ צוּ עֶהְרֶען ?

38 אוּנְד בִּלְעָם הָאט גֶעזָאגְט צוּ בָּלָק, זָעה, אִיךְ בִּין שׁוֹין צוּ דִיר גֶעקוּמֶען, מֵיינְסְט דוּא אַז אִיךְ וֶועל קֶענֶען עֶפֶּעס רֶעדֶען ? דָאס וָוארְט וָואס גָאט וֶועט גֶעבֶּען אִין מֵיין מוֹיל דָאס וֶועל אִיךְ רֶעדֶען :

39 אוּנְד בִּלְעָם אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט בָּלָק, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ קִרְיַת חֻצוֹת :

40 אוּנְד בָּלָק הָאט גֶעשָׁאכְטֶען רִינְדֶער אוּנְד שָׁאף, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ בִּלְעָם אוּנְד צוּ דִיא פִירְשְׁטֶען וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען :

41 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַם מָארְגֶען אַזוֹי הָאט בָּלָק גֶענוּמֶען בִּלְעָם אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוֹיף דִיא הֵייךְ פוּן בָּעַל, אוּנְד עֶר הָאט פוּן דָארְטֶען גֶעזֶעהֶען דֶען אֵייסֶערְסְטֶען טֵייל פוּן דֶעם פָאלְק :

קאפיטעל כג

1 אוּנְד בִּלְעָם הָאט גֶעזָאגְט צוּ בָּלָק בּוֹיעֶ מִיר הִיער זִיבֶּען מִזְבְּחוֹת, אוּנְד בְּרֵייט מִיר דָא צוּ זִיבֶּען אָקְסֶען אוּנְד זִיבֶּען ווִידֶער :

2 אוּנְד בָּלָק הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי ווִיא בִּלְעָם הָאט גֶערֶעט, אוּנְד בָּלָק אוּנְד בִּלְעָם הָאבֶּען מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען אֵיין אָקְס אוּנְד אֵיין ווִידֶער אוֹיף יֶעדֶען מִזְבֵּחַ :

3 אוּנְד בִּלְעָם הָאט גֶעזָאגְט צוּ בָּלָק, בְּלֵייבּ שְׁטֵיין בֵּייא דֵיינֶע בְּרַאנְדאָפְּפֶער אוּנְד אִיךְ וֶועל גֵיין, טָאמֶער וֶועט זִיךְ גָאט פִיגֶען עֶנְטְקֶעגֶען מִיר, אוּנְד וֶועט מִיר עֶפֶּעס זָאגֶען, אוּנְד דִיא זַאךְ וָואס עֶר וֶועט מִיר ווֵייזֶען וֶועל אִיךְ דִיר אָנְזָאגֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוֹיף אַ הוֹיכֶען אָרְט :

4 אוּנְד גָאט הָאט זִיךְ גֶעפִּינְט צוּ בִּלְעָם, אוּנְד עֶר (בִּלְעָם) הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ צוּבֶּערֵייט זִיבֶּען מִזְבְּחוֹת אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיף אִיטְלִיכֶען מִזְבֵּחַ מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען אֵיין אָקְס אוּנְד אֵיין ווִידֶער :

5 אוּנְד גָאט הָאט גֶעטְהוּן אַ וָוארְט אִין דֶעם מוֹיל פוּן בִּלְעָם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא צוּרִיק צוּ בָּלָק, אוּנְד אַזוֹי זָאלְסְט דוּא רֶעדֶען :

6 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם צוּרִיקְ־גֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זֶעה, עֶר אִיז גֶעשְׁטַא־נֶען בֵּייא זֵיינֶע בְּרַאנְדְאָפְּפֶער, עֶר אוּנְד אַלֶע פִירְשְׁטֶען פוּן מוֹאָב :

7 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיין מָשָׁל אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, בָּלָק דֶער קֶענִיג פוּן מוֹאָב הָאט מִיךְ גֶעפִיהְרְט פוּן אֲרָם, פוּן דִיא בֶּערְג פוּן מִזְרַח זֵייט (אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט) גֵייא פְלוּךְ מִיר יַעֲקֹב, אוּנְד גֵייא עֶרְצָארְן מִיךְ אוֹיף יִשְׂרָאֵל :

8 ווִיא זָאל אִיךְ פְלוּכֶען וֶועמֶען גָאט הָאט נִיט גֶעפְלוּכְט, אוּנְד וָואס זָאל אִיךְ עֶרְצֶערְנֶען אִיבֶּער וֶועמֶען גָאט הָאט נִיט עֶרְצֶערְנְט ?

9 ווָארִין פוּן דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם פֶעלְז זֶעה אִיךְ אִיהְם, אוּנְד פוּן דִיא הִיגֶעלְן עֶרְבְּלִיק אִיךְ אִיהְם, זָעה, דָאס פָאלְק וֶועט בֵּייא זִיךְ אַלֵיין ווְאוֹינֶען, אוּנְד וֶועט זִיךְ נִיט רֶעכֶנֶען צְווִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער :

10 וֶוער קֶען צֵיילֶען דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד דִיא צָאל פוּן דֶעם פִירְטֶען טֵייל פוּן יִשְׂרָאֵל, לָאז מִיךְ שְׁטַארְבֶּען דֶען טוֹיט פוּן דִיא רֶעכְטְשַׁאפֶענֶע, אוּנְד לָאז מֵיין עֶנְד זֵיין אַזוֹי ווִיא זֵיינְס :

11 אוּנְד בָּלָק הָאט גֶעזָאגְט צוּ בִּלְעָם,



וָואס

וָואס הָאסְט דוּא מִיר גֶעטְהוּן ? אִיךְ
הָאבּ דִיךְ אַהֶער גֶעבְּרַאכְט אַז דוּא זָאלְסְט
מִיר שֶׁעלְטֶען מֵיינֶע פֵיינְדֶע, אוּנְד זֶעה,
דוּא הָאסְט זֵייא גֶעבֶּענְשְׁט :
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, אִיז עֶס נִיט רֶעכְט, אַז דָאס
וָואס גָאט הָאט גֶעטְהוּן אִין מֵיין מוֹיל
דָאס מוּז אִיךְ מִיךְ הִיטֶען צוּ רֶעדֶען ?
13 אוּנְד בָּלָק הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אִיךְ בֶּעט דִיךְ, קוּם מִיט מִיר צוּ אֵיין
אַנְדֶערְן אָרְט, וָואס דוּא קֶענְסְט זֵייא
פוּן דָארְטֶען זֶעהֶען ; דוּא זָאלְסְט נָאר
דֶעם עֶק טֵייל פוּן זֵייא זֶעהֶען, אָבֶּער
אִים גַאנְצֶען זָאלְסְט דוּא זֵייא נִיט זֶעהֶען,
אוּנְד שֶׁעלְט זֵייא מִיר פוּן דָארְטֶען :
14 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ
דֶעם פֶעלְד צוֹפִים, צוּ דֶער שְׁפִּיץ פוּן
פִּסְגָה ; אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹיעֶט זִיבֶּען
מִזְבְּחוֹת, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיף אִיטְלִיכֶען
מִזְבֵּחַ מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען אַן אָקְס אוּנְד אַ
ווִידֶער :
15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ בָּלָק
בְּלֵייבּ דָא שְׁטֵיין בֵּייא דֵיינֶע בְּרַאנְדְ־
אָפְּפֶער, אוּנְד אִיךְ וִויל מִיךְ דָארְט
צוּזַאמֶען טְרֶעפֶען (מִיט גָאט) :
16 אוּנְד גָאט הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען מִיט
בִּלְעָם, אוּנְד עֶר הָאט אַ וָוארְט אַרֵיינְ־
גֶעטְהוּן אִין זֵיין מוֹיל, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, קֶעהְר צוּרִיק צוּ בָּלָק, אוּנְד אַזוֹי
זָאלְסְט דוּא זָאגֶען :
17 אוּנְד עֶר אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען,
אוּנְד זֶעה, עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא זֵיינֶע
בְּרַאנְדְ־אָפְּפֶער אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן
מוֹאָב מִיט אִיהְם, אוּנְד בָּלָק הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס הָאט גָאט גֶערֶעט ?
18 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיין
מָשָׁל אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא
אוֹיף בָּלָק אוּנְד הֶער, הָארְךְ צוּ מִיר
דוּא זוּהְן פוּן צִפּוֹר :
19 גָאט אִיז נִיט אַ מַאן אַז עֶר זָאל
לִיגֶען זָאגֶען, אוּנְד קֵיין מֶענְשֶׁען זוּהְן
אַז עֶר זָאל חֲרָטָה הָאבֶּען ; הָאט דֶער־
זֶעלְבִּיגֶער גֶעזָאגְט אוּנְד זָאל עֶר עֶס
נִיט טְהוּן, אָדֶער הָאט עֶר גֶערֶעט אוּנְד
זָאל עֶר עֶס נִיט מְקַיֵים זֵיין ?
20 זֶעה, אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען אַ בֶּעפֶעל
צוּ בֶּענְשֶׁען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבֶּענְשְׁט,
אוּנְד אִיךְ קֶען עֶס נִיט ווִידֶערְקֶערֶען :
21 עֶר הָאט נִיט גֶעבְּלִיקְט קֵיין אוּמְ־
רֶעכְט אִין יַעֲקֹב, אוּנְד עֶר הָאט נִיט
גֶעזֶעהֶען קֵיין פֶערְקְרוּמְטֶעס אִין יִשְׂרָאֵל,
יְהוָֹה זֵיין גָאט אִיז מִיט אִיהְם, אוּנְד
דֶער שַׁאל פוּן אַ קֶענִיג אִיז מִיט אִיהְם :
22 גָאט הָאט זֵייא אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט
אוֹיס מִצְרַיִם, וֵוייל עֶר הָאט דִיא שְׁטַארְקְ־
הֵייט פוּן אַן אֵיינְהָארְן (רְאֵם) :
23 וָוארִין עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנְדֶען קֵיין
כִּישׁוּף מַאכֶער אִין יַעֲקֹב, אוּנְד קֵיינֶע
צוֹיבֶּערֵייא אִין יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי וִויא דִיא
צֵייט וָואס וֶועט גֶעזָאגְט וֶוערֶען צוּ יַעֲקֹב,
אוּנְד צוּ יִשְׂרָאֵל וָואס הָאט גָאט גֶעטְהוּן ?
24 זֶעה, דָאס פָאלְק וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין
וִויא אַ לֶעמְפָּארְט, אוּנְד וִויא אַ לֵייבּ
וֶועט עֶר זִיךְ דֶערְהֵייבֶּען, עֶר וֶועט זִיךְ
נִיט אַנִידֶערְלֵייגֶען בִּיז עֶר וֶועט עֶסֶען
דָאס פֶערְצוּקְטֶע אוּנְד טְרִינְקֶען דָאס
בְּלוּט פוּן דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע :
25 אוּנְד בָּלָק הָאט גֶעזָאגְט צוּ בִּלְעָם,
דוּא זָאלְסְט זֵייא גָארְנִיט פְלוּכֶען אוּנְד
אוֹיךְ גָארְנִיט בֶּענְשֶׁען :
26 אוּנְד בִּלְעָם הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט צוּ בָּלָק, הָאבּ אִיךְ נִיט
צוּ דִיר גֶערֶעט אוּנְד גֶעזָאגְט, אַז אַלֶעס
וָואס גָאט וֶועט רֶעדֶען וֶועל אִיךְ טְהוּן ?

27 אוּנְד בָּלָק הָאט גֶעזָאגְט צוּ בִּלְעָם, קוּם אִיךְ װֶעל דִיךְ גֶעמֶען צוּ אֵיין אַנְדֶערְן אָרְט, טָאמֶער װֶעט עֶס רֶעכְט זַיין אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט, אַז דוּא זָאלְסְט זַייא פוּן דָארְט פַאר מִיר פְלוּכֶען:

28 אוּנְד בָּלָק הָאט גֶענוּמֶען בִּלְעָם אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן פְּעוֹר װָאס בְּלִיקְט אוֹיף דֶער װִיסְטֶענַייא (יְשִׁימוֹן):

29 אוּנְד בִּלְעָם הָאט גֶעזָאגְט צוּ בָּלָק בּוֹיעֶ מִיר דָא זִיבֶּען מִזְבְּחוֹת, אוּנְד בְּרֵייט מִיר דָא צוּ זִיבֶּען אָקְסֶען אוּנְד זִיבֶּען װִידֶער:

30 אוּנְד בָּלָק הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי װִיא בִּלְעָם הָאט גֶעזָאגְט; אוּנְד עֶר הָאט מַקְרִיב גֶעװֶעזֶען אַן אָקְס אוּנְד אַ װִידֶער אוֹיף אִיטְלִיכֶען מִזְבֵּחַ:

## קאפיטעל כד

1 אוּנְד װֶען בִּלְעָם הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶס אִיז װָאוֹילְגֶעפֶעלֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט יִשְׂרָאֵל צוּ בֶּענְשֶׁען, אַזוֹי אִיז עֶר נִיט מֶעהְר גֶעגַאנְגֶען װִיא דִיא (עֶרְשְׁטֶע) צְװֵייא מָאל עֶנְטְקֶעגֶען מִיט כִּישׁוּף, נֵייעֶרְט עֶר הָאט גֶעטְהוּן זַיין פָּנִים נָאךְ דֶער מִדְבָּר צוּ:

2 אוּנְד װֶען בִּלְעָם הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע אוֹיגֶען אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען אַז יִשְׂרָאֵל הָאט גֶערוּהְט נָאךְ זַיינֶע שְׁבָטִים נָאךְ, אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן גָאט אִיז אוֹיף אִיהְם גֶעװֶעזֶען:

3 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיין מָשָׁל אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט; דָאס אִיז דִיא רֵייד פוּן בִּלְעָם זוּהְן פוּן בְּעוֹר, אוּנְד דָאס אִיז דִיא רֵייד פוּן דֶעם מַאן װָאס זַיין אוֹיג אִיז אוֹיפְגֶעמַאכְט:

4 דָאס אִיז דִיא רֵייד פוּן דֶעם װָאס הֶערְט װָאס גָאט זָאגְט, װָאס זֶעהְט דֶעם שֵׁיין פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען, פַאלְט אַנִידֶער אוּנְד זַיינֶע אוֹיגֶען װֶערֶען אִיהְם אוֹיפְגֶעמַאכְט:

5 װִיא גוּט זֶענֶען דַיינֶע גֶעצֶעלְטֶער, אָ יַעֲקֹב! אוּנְד דַיינֶע װָאוֹינוּנְגֶען יִשְׂרָאֵל!

6 אַזוֹי װִיא דִיא בֶּעךְ װָאס בְּרֵייטֶען זִיךְ אוֹיס, אַזוֹי װִיא דִיא גֶערְטֶען װָאס זֶענֶען בַּייא דֶעם טֵייךְ, אַזוֹי װִיא דִיא בְּשָׂמִים װָאס גָאט הָאט גֶעפְּלַאנְצְט, אַזוֹי װִיא דִיא טַאנֶען בֵּיימֶער װָאס זֶענֶען בַּיים װַאסֶער:

7 עֶס װֶעט רִינֶען װַאסֶער פוּן זַיין שֶׁעפֶּער, אוּנְד זַיינֶע קִינְדֶער װֶעלֶען זַיין (בֶּעגְלִיקְט) אַן פִּילֶע װַאסֶערְן, אוּנְד זַיין קֶענִיג װֶעט הֶעכֶער זַיין פוּן אֲגָג, אוּנְד זַיין קֶענִיגְרֵייךְ װֶעט עֶרְהוֹיבֶּען װֶערֶען:

8 גָאט הָאט זַייא אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוֹיס מִצְרַיִם, עֶר הָאט דִיא שְׁטַארְקְהֵייט װִיא אֵיין אֵיינְהָארְן, עֶר װֶעט אוֹיפְפְרֶעסֶען דִיא פֶעלְקֶער װָאס זֶענֶען זַיינֶע פֵיינְדֶע, אוּנְד עֶר װֶעט זֵייעֶרֶע בֵּיינֶער צֶערְבְּרֶעכֶען, אוּנְד זַיינֶע פַיילֶען צֶערְשְׁמֶעטֶערְן:

9 עֶר הָאט אַנִידֶער גֶעקְנִיט אוּנְד זִיךְ גֶעלֵייגְט אַזוֹי װִיא אַ לֵייבּ, אוּנְד אַזוֹי װִיא אַ לֶעמְפֶּערְט, װֶער װֶעט אִיהְם מַאכֶען אוֹיפְשְׁטֵיין? דִיא װָאס בֶּענְשֶׁען דִיךְ װֶעלֶען גֶעבֶּענְשְׁט זַיין, אוּנְד דִיא װָאס דִיךְ פְלוּכֶען װֶעלֶען פֶערְפְלוּכְט זַיין:

10 אוּנְד דֶער צָארְן פוּן בָּלָק הָאט גֶעגְרִימְט אוֹיף בִּלְעָם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעקְלַאפְּט מִיט זַיינֶע הֶענְט, אוּנְד בָּלָק הָאט גֶעזָאגְט צוּ בִּלְעָם, אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶערוּפֶען צוּ שֶׁעלְטֶען מֵיינֶע פֵיינְדֶע, אוּנְד זֶעה, דוּא הָאסְט זַייא דִיא דָאזִיגֶע דְרֵייא מָאל אִים גַאנְצֶען גֶעבֶּענְשְׁט:

11 אוּנְד אַצוּנְד עֶנְטְלוֹיף צוּ דֵיין אָרְט, אִיךְ

אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט דִיךְ גוּט צוּ עֶהְרֶען, אָבֶּער זֶעה, גָאט הָאט דִיךְ פֶערְמִיטֶען פוּן כָּבוֹד:

12 אוּנְד בִּלְעָם הָאט גֶעזָאגְט צוּ בָּלָק, הָאבּ אִיךְ דֶען נִיט אוֹיךְ גֶערֶעט צוּ דַיינֶע שְׁלוּחִים וָואס דוּא הָאסְט צוּ מִיר גֶעשִׁיקְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

13 וָוען בָּלָק זָאל מִיר גֶעבֶּען זַיין הוֹיז פוֹל מִיט זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד אַזוֹי קֶען אִיךְ נִיט עוֹבֵר זַיין דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן גָאט, צוּ טְהוּן גוּטֶעס אָדֶער שְׁלֶעכְטֶעס פוּן מֵיין אֵייגֶען הַארְץ; דָאס וָואס גָאט וֶועט רֶעדֶען דָאס וֶועל אִיךְ רֶעדֶען:

14 אוּנְד אַצוּנְד זֶעה, אִיךְ גֵייא צוּ מֵיין פָאלְק; קוּם, אִיךְ וֶועל דִיר אֵיין עֵצָה גֶעבֶּען וָואס דוּא זָאלְסְט טְהוּן צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג:

15 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיין מָשָׁל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט; דָאס אִיז דִיא רֵייד פוּן בִּלְעָם זוּהְן פוּן בְּעוֹר, אוּנְד דָאס אִיז דִיא רֵייד פוּן דֶעם מַאן וָואס זַיין אוֹיג אִיז אוֹיפְגֶעמַאכְט:

16 דָאס אִיז דִיא רֵייד פוּן דֶעם וָואס הֶערְט וָואס גָאט זָאגְט, אוּנְד וֵייסְט דִיא וִויסֶענְשַׁאפְט פוּן דֶעם הֶעכְסְטֶען, וָואס זֶעהְט דֶעם שֵׁיין פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען, פַאלְט אַנִידֶער, אוּנְד זַיינֶע אוֹיגֶען וֶוערֶען אִיהְם אוֹיפְגֶעמַאכְט:

17 אִיךְ וֶועל אִיהְם זֶעהֶען אָבֶּער נִיט יֶעצְט; אִיךְ וֶועל אִיהְם אַנְבְּלִיקֶען אָבֶּער נִיט נָאהֶענְט; עֶס וֶועט אוֹיפְגֵיין אַ שְׁטֶערְן פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד אֵיין גֶעוֶועלְטִיגֶער וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר וֶועט צֶערְשְׁמֶעטֶערְן דִיא עֶקֶען פוּן מוֹאָב, אוּנְד עֶר וֶועט לֶעבֶּערְן (פֶערְנִיכְטֶען) אַלֶע קִינְדֶער פוּן שֵׁת:

18 אוּנְד אֱדוֹם וֶועט זַיין אַ יְרֻשָּׁה, אוּנְד שֵׂעִיר וֶועט (אוֹיךְ) זַיין אַ יְרֻשָּׁה פַאר זַיינֶע פֵיינְדֶע, אָבֶּער יִשְׂרָאֵל וֶועט טְהוּן מִיט אַ מַאכְט:

19 אֵיינֶער פוּן יַעֲקֹב וֶועט גֶעוֶועלְטִיגֶען, אוּנְד עֶר וֶועט פֶערְטִילְגֶען דִיא אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג פוּן דֶער שְׁטָאט:

20 אוּנְד וָוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם עֲמָלֵק אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיין מָשָׁל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער עֶרְשְׁטֶער פוּן דִיא פֶעלְקֶער אִיז גֶעוֶועזֶען עֲמָלֵק, אָבֶּער זַיין סוֹף וֶועט זַיין אַז עֶר וֶועט אוֹיף אֵייבִּיג פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען:

21 אוּנְד וָוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם קֵינִי, אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיין מָשָׁל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דַיינֶע וְואוֹינוּנְג אִיז שְׁטַארְק, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעמַאכְט דַיין נֶעסְט אִין אַ פֶעלְזֶען:

22 אָבֶּער דָאךְ וֶועט קַיִן צֶערְשְׁטֶערְט וֶוערֶען אַזוֹי לַאנְג בִּיז אַשּׁוּר וֶועט אִיהְם גֶעפַאנְגֶען אַוֶועק פִיהְרֶען:

23 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיין מָשָׁל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אוֹי וֵויי מִיר! וֶוער וֶועט לֶעבֶּען וָוען גָאט וֶועט דָאס טְהוּן?

24 אוּנְד שִׁיפֶען וֶועלֶען קוּמֶען פוּן כִּתִּים, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען פֵּיינִיגֶען אַשּׁוּר, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען פֵּיינִיגֶען עֵבֶר, אָבֶּער עֶר וֶועט אוֹיךְ אוֹיף אֵייבִּיג פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען:

25 אוּנְד בִּלְעָם אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ זַיין אָרְט, אוּנְד בָּלָק אִיז אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין אָרְט:

קאַפִּיטֶעל כה

1 אוּנְד יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין שִׁטִּים, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט אָנְגֶע-

הוֹיבֶּען

אוּנְזֶערֶע הַייזֶער בִּיז דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
װעלֶען אַרְבֶּען אִיטְלִיכֶער זַיין נַחֲלָה׃
19 װָארִין מִיר װעלֶען נִיט אַרְבֶּען
מִיט זַייא אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זַייט יַרְדֵן
אוּנְד װַייטֶער, װָארִין אוּנְזֶערֶע נַחֲלָה
אִיז צוּ אוּנְס גֶעקוּמֶען אוֹיף דִיזֶער זַייט
יַרְדֵן, קֶיין מִזְרָח זַייט׃
20 אוּנְד משֶׁה הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
װען אִיהְר װעט דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ טְהוּן,
װען אִיהְר װעט אֵייךְ װָאפֶּענֶען פַאר
גָאט צוּ דֶער מִלְחָמָה׃
21 אוּנְד אַלֶע גֶעװָאפֶּענְטֶע פוּן אֵייךְ
װעלֶען אִיבֶּערְפָאהרֶען דֶעם יַרְדֵן פַאר
גָאט מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, בִּיז עֶר װעט
פֶערטְרֵייבֶּען זַיינֶע פֵיינְדֶע פַאר זִיךְ׃
22 אוּנְד דָאס לַאנְד װעט בֶּעצְװוּאוּנְגֶען
װערֶען פַאר גָאט, דֶערְנָאךְ זָאלְט
אִיהְר צוּרִיקְקֶעהרֶען, אוּנְד אִיהְר װעט
זַיין אוּנְשׁוּלְדִיג פַאר גָאט אוּנְד פַאר
יִשְׂרָאֵל; אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד זָאל
זַיין צוּ אֵייךְ אַלְס אֵיין עֶרְבְּטֵייל פַאר
גָאט׃
23 אוּנְד װען אִיהְר װעט נִיט אַזוֹי
טְהוּן, װעה, אַזוֹי הָאט אִיהְר גֶעזִינְדִיגְט
קֶעגֶען גָאט, אוּנְד אִיהְר זָאלְט װִיסֶען
אַז אֵיירֶע זִינְדֶען װעלֶען אֵייךְ אוֹיס־
גֶעפִינֶען׃
24 בּוֹיעט אֵייךְ שְׁטֶעט פַאר אֵיירֶע
קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד שְׁטַאלֶען פַאר
אֵיירֶע שָׁאף, אוּנְד דָאס װָאס אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן אֵייעֶר מוֹיל זָאלְט
אִיהְר טְהוּן׃
25 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן גָד אוּנְד
דִיא קִינְדֶער פוּן רְאוּבֵן הָאבֶּען גֶעזָאגְט
צוּ משֶׁה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֵיינֶע קְנֶעכְט
װעלֶען טְהוּן אַזוֹי װִיא מֵיין הַאר װעט
בֶּעפֶעהלֶען׃
26 אוּנְזֶערֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְזֶערֶע
װַייבֶּער, אוּנְזֶער פִיךְ אוּנְד אַלֶע אוּנְזֶערֶע
בְּהֵמוֹת זָאלֶען דָארְט זַיין אִין דִיא
שְׁטֶעט פוּן גִלְעָד׃
27 אוּנְד דֵיינֶע קְנֶעכְט װעלֶען אִיבֶּער־
פָאהרֶען, אִיטְלִיכֶער װָאס אִיז גֶעװָאפֶּענְט
אִין דֶער הֶערְשָׁאר, פַאר גָאט צוּ דֶער
מִלְחָמָה, אַזוֹי װִיא מֵיין הַאר טְהוּט
רֶעדֶען׃
28 אוּנְד משֶׁה הָאט פוּן זֵייעֶרטְװֶעגֶען
גֶעבָּאטֶען דֶעם אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן, אוּנְד דֶעם
יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן, אוּנְד דִיא רָאשֵׁי אָבוֹת
פוּן דִיא שְׁבָטִים פוּן דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל׃
29 אוּנְד משֶׁה הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
װען דִיא קִינְדֶער פוּן גָד אוּנְד דִיא
קִינְדֶער פוּן רְאוּבֵן װעלֶען מִיט אֵייךְ
אַרִיבֶּער גֵיין אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן, אִיטְ־
לִיכֶער גֶעװָאפֶּענְט צוּ דֶער מִלְחָמָה
פַאר גָאט, אוּנְד װעלֶען בֶּעצְװִינְגֶען
דָאס לַאנְד פַאר אֵייךְ, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר
צוּ זַייא גֶעבֶּען דָאס לַאנְד גִלְעָד אַלְס
אַן עֶרְבְּטֵייל׃
30 אוּנְד װען זַייא װעלֶען נִיט אִיבֶּער־
פָאהרֶען גֶעװָאפֶּענְט מִיט אֵייךְ, אַזוֹי
זָאלֶען זַייא הָאבֶּען אַן עֶרְבְּטֵייל מִיט
אֵייךְ אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן׃
31 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן גָד אוּנְד
דִיא קִינְדֶער פוּן רְאוּבֵן הָאבֶּען גֶעעֶנְ־
טְפֶערְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דָאס װָאס גָאט
װעט רֶעדֶען צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט אַזוֹי
װעלֶען מִיר טְהוּן׃
32 מִיר װעלֶען אַרִיבֶּערְפָאהרֶען גֶע־
װָאפֶּענְט פַאר גָאט צוּ דֶעם לַאנְד כְּנַעַן,
אוּנְד אוּנְזֶער עֶרְבְּטֵייל זָאל אוּנְס גֶע־
הֶערֶען אוֹיף דִיזֶער זַייט יַרְדֵן׃
33 אוּנְד משֶׁה הָאט צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען—


צו:

צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן גָד אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן רְאוּבֵן אוּנְד צוּ דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט פוּן מְנַשֶּׁה, זוּהְן פוּן יוֹסֵף, דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן סִיחוֹן קֶענִיג פוּן אֱמוֹרִי, אוּנְד דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן עוֹג קֶענִיג פוּן בָּשָׁן, דָאס לַאנְד מִיט אִיהְרֶע שְׁטֶעט, מִיט דִיא גְרֶענֶעצֶען פוּן דִיא שְׁטֶעט פוּן דֶעם לַאנְד רִינְגְס אַרוּם׃

34 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן גָד הָאבֶּען גֶעבּוֹיעֶט דִיבוֹן, אוּנְד עֲטָרוֹת אוּנְד עֲרוֹעֵר׃

35 אוּנְד עַטְרוֹת שׁוֹפָן, אוּנְד יַעְזֵר אוּנְד יָגְבְּהָה׃

36 אוּנְד בֵּית נִמְרָה, אוּנְד בֵּית הָרָן, פֶעסְטֶע שְׁטֶעט, אוּנְד שָׁאף שְׁטַאלֶען׃

37 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן רְאוּבֵן הָאבֶּען גֶעבּויעֶט חֶשְׁבּוֹן, אוּנְד אֶלְעָלֵא, אוּנְד קִרְיָתָיִם׃

38 אוּנְד נְבוֹ, אוּנְד בַּעַל מְעוֹן מִיט אַן אַנְדֶערְן נָאמֶען, אוּנְד שִׂבְמָה; אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא גֶערוּפֶען מִיט נֶעמֶען פוּן דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא שְׁטֶעט וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעבּויעֶט׃

39 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן מָכִיר, זוּהְן פוּן מְנַשֶּׁה זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען נָאךְ גִּלְעָד, אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס אֵיינְגֶענוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען פֶּערְטְרִיבֶּען דֶעם אֱמוֹרִי וָואס אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען׃

40 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעגֶעבֶּען גִּלְעָד צוּ מָכִיר זוּהְן פוּן מְנַשֶּׁה, אוּנְד עֶר הָאט דָארְט גֶעווָאוֹינְט׃

41 אוּנְד יָאִיר, זוּהְן פוּן מְנַשֶּׁה אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט אֵיינְגֶענוּמֶען זַייעֶרֶע דֶערְפֶער, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶערוּפֶען חַוֹּת יָאִיר׃

42 אוּנְד נוֹבַח אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט אֵיינְגֶענוּמֶען קְנָת אוּנְד זַייעֶרֶע דֶערְפֶער, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶערוּפֶען נוֹבַח נָאךְ זַיין נָאמֶען׃

## קאפיטעל לג מסעי

1 דָאס זֶענֶען דִיא צִיהוּנְגֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, נָאךְ זַייעֶרֶע הֶערְשָׁארֶען, דוּרְךְ מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן׃

2 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען זַייעֶר אוֹיסְגַיין נָאךְ זַייעֶרֶע צִיהוּנְגֶען, דוּרְךְ גָאטְ'ס בֶּעפֶעהל; אוּנְד דָאס זֶענֶען זַייעֶרֶע צִיהוּנְגֶען נָאךְ זַייעֶר אוֹיסְגַיין׃

3 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצוֹיגֶען פוּן רַעְמְסֵס אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם פוּפְצֶענְטֶען טָאג פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען חוֹדֶשׁ, אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג פֶּסַח זֶענֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען מִיט אַן אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּענֶער הַאנְד, פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן גַאנְץ מִצְרַיִם׃

4 אוּנְד דִיא מִצְרַיִם הָאבֶּען בֶּעגְרוּבֶּען אַלֶע בְּכוֹרִים וָואס גָאט הָאט אוּנְטֶער זַייא דֶערְשְׁלָאגֶען; אוּנְד צְווִישֶׁען זַייעֶרֶע אָפְּגֶעטֶער הָאט גָאט גֶעטְהוּן שְׁטְרָאפְגֶערִיכְטֶען׃

5 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אַװעקְגֶעצוֹיגֶען פוּן רַעְמְסֵס, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין סֻכּוֹת׃

6 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצוֹיגֶען פוּן סֻכּוֹת, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין אֵתָם, וָואס אִיז אַן דֶעם עֶק פוּן דֶער מִדְבָּר׃

7 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצוֹיגֶען פוּן אֵתָם אוּנְד זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ פִּי הַחִירוֹת, וָואס אִיז פַאר בַּעַל צְפוֹן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט פַאר מִגְדּוֹל׃

8 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון פאר החירות, אונד זייא זענען
אריבערגעגאנגען איבער דעם ים נאך
דער מדבר; אונד זייא זענען געגאנגען
א װעג פון דרייא טעג אין דער מדבר
אתם, אונד זייא האבען גערוהט אין
מרה:
9 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון מרה, אונד זייא זענען געקומען
נאך אילם, אונד אין אילם זענען
געװעזען צװעלף װאסער־קװאלען, אונד
זיבעציג טייטעל־ביימער, אונד זייא
האבען דארט גערוהט:
10 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון אילם, אונד זייא האבען גערוהט
בייא דעם ים סוף:
11 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון דעם ים סוף, אונד זייא האבען
גערוהט אין דער מדבר סין:
12 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון דער מדבר סין, אונד זייא האבען
גערוהט אין דפקה:
13 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון דפקה, אונד זייא האבען גערוהט
אין אלוש:
14 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון אלוש, אונד זייא האבען גערוהט
אין רפידם, אונד דארט איז ניט
געװעזען קיין װאסער צו טרינקען פאר
דעם פאלק:
15 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון רפידם, אונד זייא האבען גערוהט
אין דער מדבר סיני:
16 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון דער מדבר סיני, אונד זייא האבען
גערוהט אין קברות התאוה:
17 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון קברות התאוה, אונד זייא האבען
גערוהט אין חצרות:
18 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון חצרות, אונד זייא האבען גערוהט
אין רתמה:
19 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון רתמה, אונד זייא האבען גערוהט
אין רמון פרץ:
20 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון רמון פרץ, אונד זייא האבען
גערוהט אין לבנה:
21 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון לבנה, אונד זייא האבען גערוהט
אין רסה:
22 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון רסה, אונד זייא האבען גערוהט
אין קהלתה:
23 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון קהלתה, אונד זייא האבען גערוהט
אין הר שפר:
24 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון הר שפר, אונד זייא האבען גערוהט
אין חרדה:
25 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון חרדה, אונד זייא האבען גערוהט
אין מקהלות:
26 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון מקהלות, אונד זייא האבען גערוהט
אין תחת:
27 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון תחת אונד זייא האבען גערוהט
אין תרח:
28 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון תרח, אונד זייא האבען גערוהט
אין מתקה:
29 אונד זייא האבען אװעקגעצויגען
פון מתקה, אונד זייא האבען גערוהט

אין

אִין חַשְׁמֹנָה :

30 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן חַשְׁמֹנָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין מוֹסֵרוֹת :

31 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן מוֹסֵרוֹת, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין בְּנֵי יַעֲקָן :

32 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן בְּנֵי יַעֲקָן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין הוֹר הַגִּדְגָּד :

33 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן הוֹר הַגִּדְגָּד, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין יָטְבָתָה :

34 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן יָטְבָתָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין עַבְרוֹנָה :

35 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן עַבְרוֹנָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין עֶצְיוֹן גָּבֶר :

36 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן עֶצְיוֹן גָּבֶר, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין דֶער מִדְבַּר־צִן דָאס אִיז קָדֵשׁ :

37 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן קָדֵשׁ, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין הוֹר הָהָר אַן דֶעם עֶק פוּן דֶעם לַאנְד פוּן אֱדוֹם :

38 אוּנְד אַהֲרֹן הַכֹּהֵן אִיז אַרױפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג הוֹר הָהָר, אוֹיף דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן גָאט, אוּנְד עֶר אִיז דָארְט גֶעשְׁטָארְבֶּען, אִין דֶעם פִירְצִיגְסְטֶען יָאהְר נָאךְ דֶעם אַרױסְגֵיין פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוֹיס דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אִין דֶעם פִינְפְטֶען חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם עֶרשְׁטֶען טָאג פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ :

39 אוּנְד אַהֲרֹן אִיז אַלְט גֶעװעזֶען הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרַייא אוּנְד צְװַאנְצִיג יָאהְר װען עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוֹיף הוֹר הָהָר :

40 אוּנְד דֶער כְּנַעֲנִי, דֶער מֶלֶךְ פוּן עֲרָד הָאט עֶס גֶעהֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעװאוֹינְט אִין דֶער דָרוֹם זַייט פוּן דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, אַז דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל קוֹמֶען אָן :

41 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן הוֹר הָהָר, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין צַלְמֹנָה :

42 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן צַלְמֹנָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין פּוּנוֹן :

43 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן פּוּנוֹן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין אוֹבוֹת :

44 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן אוֹבוֹת, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין עִיֵּי הָעֲבָרִים, אַן דֶער גְרֶענְעֶץ פוּן מוֹאָב :

45 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן עִיִּים, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין דִיבֹן גָּד :

46 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן דִיבֹן גָּד, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין עַלְמֹן דִבְלָתָיְמָה

47 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן עַלְמֹן דִבְלָתָיְמָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין דֶעם גֶעבִּירְגֶע פוּן הָעֲבָרִים פַאר נְבוֹ :

48 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶעצױגֶען פוּן דֶעם גֶעבִּירְגֶע הָעֲבָרִים, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין דֶעם פְּלוֹין פוּן מוֹאָב בֵּייא דֶעם יַרְדֵּן פוּן יְרֵחוֹ :

49 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט בֵּייא דֶעם יַרְדֵּן, פוּן בֵּית הַיְשִׁמוֹת בִּיז אָבֵל הַשִּׁטִּים, אִין דֶעם פְּלוֹין פוּן מוֹאָב :

50 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעדְט צוּ מֹשֶׁה

אִין

אִין דֶעם פְּלוֹין פוּן מוֹאָב בֵּייא דֶעם
יַרְדֵן יְרֵחוֹ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
51 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען; וֶוען אִיהְר
וֶועט אַרִיבֶּערְגֵיין אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן צוּ
דֶעם לַאנְד כְּנַעַן:
52 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר פֶּערטְרֵייבֶּען אַלֶע
אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד פַאר אֵייךְ,
אוּנְד אִיהְר זָאלְט פֶּערְטִילְגֶען אַלֶע
זֵייעֶרֶע גֶעצֶען בִּילְדֶער; אוּנְד אַלֶע זֵייעֶרֶע
גֶעגָאסֶענֶע בִּילְדֶער זָאלְט אִיהְר פֶּערְ־
טִילְגֶען, אוּנְד אַלֶע זֵייעֶרֶע הוֹיכֶע בָּמוֹת
זָאלְט אִיהְר אוֹיךְ פֶּערְטִילְגֶען:
53 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא פֶּערטְרֵייבֶּען
פוּן דֶעם לַאנְד אוּנְד אִיהְר זָאלְט דַארִין
וְואוֹינֶען, וָוארִין צוּ אֵייךְ הָאבּ אִיךְ
גֶעגֶעבֶּען דָאס לַאנְד עֶס צוּ יַרְשְׁנֶען:
54 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא מַאכֶען
עֶרְבֶּען דָאס לַאנְד דוּרְךְ אַ גוֹרָל, נָאךְ
זֵייעֶרֶע מִשְׁפָּחוֹת נָאךְ, צוּ דֶעם וָואס
הָאט פִיל (לֵייט) צוּ דֶעם זָאלְט אִיהְר
מֶעהרֶען זַיין עֶרְבְּטֵייל, אוּנְד צוּ דֶעם
וָואס הָאט וֵוייניג (לֵייט) צוּ דֶעם זָאלְט
אִיהְר מִינֶערְן זַיין עֶרְבְּטֵייל; נָאךְ דֶעם
וָואס גֵייט אַרוֹיס צוּ אִיהְם דָארְט זַיין
גוֹרָל, דָאס זָאל צוּ אִיהְם זַיין; נָאךְ
דִיא שְׁבָטִים פוּן זֵייעֶרֶע אָבוֹת זָאלְט
אִיהְר זֵייא מַאכֶען עֶרְבֶּען:
55 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט פֶּער־
טְרֵייבֶּען דִיא אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן דֶעם
לַאנְד פַאר אֵייךְ, אַזוֹי וֶועט עֶס זַיין אַז
דִיא וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען וֶועלֶען
זַיין צוּ דֶערְנֶער אִין אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען,
אוּנְד צוּ שְׁטַאכֶעל אִין אֵייעֶרֶע זֵייטֶען,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ בֶּעדְרֶענְגֶען אִין
דֶעם לַאנְד וָואס אִיהְר וֶועט דַארִין
וְואוֹינֶען:
56 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין דָאס אַזוֹי ווִיא
אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט צוּ זֵייא צוּ טְהוּן
אַזוֹי וֶועל אִיךְ טְהוּן צוּ אֵייךְ:

## קאַפּיטעל לד

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 בֶּעפֶעהְל דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, וֶוען אִיהְר
וֶועט קוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, דָאס
אִיז דָאס לַאנְד וָואס וֶועט צוּ אֵייךְ
צוּ פַאלֶען אַלְס אַ נַחֲלָה, דָאס לַאנְד
כְּנַעַן צוּ זֵייעֶרֶע גְרֶענְעֶצֶען:
3 אוּנְד דִיא עֶק פוּן דָרוֹם זֵייט זָאל
צוּ אֵייךְ זַיין פוּן דֶער מִדְבַּר צִן אַן
דֶער זֵייט פוּן אֱדוֹם, אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ
זָאל צוּ אֵייךְ זַיין, פוּן דֶעם עֶק פוּן
דֶעם יַם הַמֶּלַח צוּ דֶער מִזְרַח־זֵייט:
4 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דָרוֹם־זֵייט
זָאל זִיךְ צוּ אֵייךְ אוּמְרִינְגְלֶען צוּ דֶעם
אוֹיפְגַאנְג פוּן עַקְרַבִּים, אוּנְד זָאל
אִיבֶּערְגֵיין צִנָה, אוּנְד זֵיינֶע אוֹיסְגֶענְג
זָאלֶען זַיין פוּן דָרוֹם זֵייט נָאךְ קָדֵשׁ
בַּרְנֵעַ, אוּנְד זָאל אַרוֹסְגֵיין נָאךְ חֲצַר־
אַדָר, אוּנְד זָאל אַרִיבֶּערְגֵיין נָאךְ
עַצְמוֹן:
5 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ זָאל זִיךְ אוּמְ־
רִינְגֶעלְן פוּן עַצְמוֹן צוּ דֶעם טֵייךְ מִצְרַיִם,
אוּנְד זֵיינֶע אוֹיסְגֶענְג זָאל זַיין נָאךְ
דֶעם יַם (אָדֶער מַעֲרָב זֵייט):
6 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ פוּן מַעֲרָב—זָאל
צוּ אֵייךְ זַיין דֶער יַם הַגָּדוֹל; אוּנְד
דִיזֶע גְרֶענֶעץ זָאל צוּ אֵייךְ זַיין דִיא
גְרֶענֶעץ פוּן מַעֲרָב:
7 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע זָאל צוּ אֵייךְ זַיין
דִיא גְרֶענֶעץ פוּן צָפוֹן; פוּן דֶעם
גְרוֹיסֶען יַם זָאלְט אִיהְר אֵייךְ בֶּעצֵייכֶענֶען
דֶעם בַּארְג הוֹר:


פון

8 פוּן הוֹר הָהָר בֶּעצֵייכְנֶען וְואוּ מֶען
קוּמְט נָאךְ חֲמָת אוּנְד דִיא אויסְגֶענְג
פוּן דֶער גְרֶענֶעץ זָאל זֵיין צוּ צְדָד:
9 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ זָאל אַרויסְגֵיין
נָאךְ זִפְרוֹן, אוּנְד זֵיינֶע אויסְגֶענְג זָאל
זֵיין חֲצַר עֵינָן; דָאס זָאל צוּ אֵייךְ זֵיין
דִיא גְרֶענֶעץ פוּן צָפוֹן־זֵייט:
10 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ בֶּעצֵייכְנֶען
דִיא גְרֶענֶעץ פוּן מִזְרַח־זֵייט פוּן חֲצַר
עֵינָן נָאךְ שְׁפָם:
11 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ זָאל אַרוּפְּגֵיין
פוּן שְׁפָם נָאךְ רִבְלָה פוּן מִזְרַח־זֵייט
צוּ עָיִן, אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ זָאל אַרוּפְּגֵיין
אוּנְד זָאל גְרֵייכֶען צוּ דֶער זֵייט פוּן
דֶעם יַם כִּנֶּרֶת פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט:
12 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ זָאל אַרוּפְּגֵיין
צוּ דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד זֵיינֶע אויסְגֶענְג
זָאל זֵיין דֶעם יַם הַמֶּלַח (זאלץ ים);
דָאס דָאזִיגֶע זָאל צוּ אֵייךְ זֵיין דָאס
לַאנְד צוּ אִיהְרֶע גְרֶענְעֶצֶען רִינְגְס אַרוּם:
13 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעבָּאטֶען דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען; דָאס
דָאזִיגֶע אִיז דָאס לַאנְד וָואס אִיהְר
זָאלְט אַרְבֶּען דוּרְךְ דֶעם גוֹרָל, וָואס
גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ גֶעבֶּען צוּ דִיא
נֵיין אוּנְד הַאלְבֶּען שְׁבָטִים:
14 וָוארִין עֶס הָאבֶּען גֶענוּמֶען, דִיא
קִינְדֶער פוּן דֶעם שֵׁבֶט רְאוּבֵן נָאךְ דֶעם
הויז פוּן זֵייעֶרֶע פֶּעטֶער, אוּנְד דִיא
קִינְדֶער פוּן דֶעם שֵׁבֶט גָד נָאךְ דֶעם
הויז פוּן זֵייעֶרֶע פֶּעטֶער, אוּנְד דֶער
הַאלְבֶּער שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה הָאבֶּען גֶענוּמֶען
זֵייעֶר עֶרְבְּטֵייל:
15 דִיא צְווֵייא אוּנְד הַאלְבֶּע שְׁבָטִים
הָאבֶּען גֶענוּמֶען זֵייעֶר עֶרְבְּטֵייל פוּן
דִיזֶער זֵייט יַרְדֵן, בֵּייא יְרֵחוֹ קֶעגֶען
מִזְרַח זֵייט:

16 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
17 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא נֶעמֶען פוּן
דִיא מֶענֶער וָואס זָאלֶען צוּ אֵייךְ מַאכֶען
עֶרְבֶּען דָאס לַאנְד; אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן אוּנְד
יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן:
18 פוּן אִיטְלִיכֶען שֵׁבֶט זָאלְט אִיהְר
נֶעמֶען אַ נָשִׂיא אַז עֶר זָאל אֵייךְ מַאכֶען
עֶרְבֶּען דָאס לַאנְד:
19 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא נֶעמֶען
פוּן דִיא מֶענֶער, פוּן דֶעם שֵׁבֶט יְהוּדָה
כָּלֵב דֶער זוּהְן פוּן יְפֻנֶּה
20 פוּן דֶעם שֵׁבֶט שִׁמְעוֹן שְׁמוּאֵל זוּהְן
פוּן עַמִּיהוּד:
21 פוּן דֶעם שֵׁבֶט בִּנְיָמִין אֱלִידָד ·זוּהְן
פוּן כִּסְלוֹן:
22 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט דָן דֶער נָשִׂיא
בֻּקִּי זוּהְן פוּן יָגְלִי
23 אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן יוֹסֵף צוּ
דֶעם שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה דֶער נָשִׂיא חַנִּיאֵל
זוּהְן פוּן אֵפוֹד:
24 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט אֶפְרַיִם דֶער
נָשִׂיא קְמוּאֵל זוּהְן פוּן שִׁפְטָן:
25 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט זְבוּלֻן דֶער
נָשִׂיא אֱלִיצָפָן זוּהְן פוּן פַּרְנָךְ:
26 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא
קִינְדֶער יִשָּׂשכָר דֶער נָשִׂיא פַּלְטִיאֵל
זוּהְן פוּן עַזָּן:
27 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא קִינְדֶער
אָשֵׁר דֶער נָשִׂיא אֲחִיהוּד זוּהְן פוּן שְׁלֹמִי:
28 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא
קִינְדֶער נַפְתָּלִי דֶער נָשִׂיא פְּדַהְאֵל זוּהְן
פוּן עַמִּיהוּד:
29 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען וָואס גָאט הָאט
זֵייא גֶעבָּאטֶען אַז זֵייא זָאלֶען מַאכֶען
עֶרְבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אִין דֶעם
לַאנְד כְּנַעַן:



אוּנְד

## קאפיטל לה

1 אונד גאָט האָט גערעדט צו משה
אין דעם פעלדער פון מואב, אַן דעם ירדן
ביי ירחו אַזוי צו זאָגען :
2 בעפעל צו די קינדער ישראל אַז
זיי זאָלען געבען צו די לוים פון
זייער ערבטייל שטעט דארין צו וואוינען,
אונד אַ פלאַץ רינגס אַרום איטליכע
שטאָט זאָלט איהר געבען צו די לוים :
3 אונד די שטעט זאָלען זיין פאַר
זיי דאָרטען צו וואוינען, אונד זייערע
פלעצער זאָלען זיין פאַר זייערע בהמות,
אונד פאַר זייער פערמעגען, אונד פאַר
זייער דערנערונג :
4 אונד די פלעצער פאַר די שטעט
וואָס איהר וועט געבען צו די לוים,
זאָלען זיין פון דער וואַנד אויסעווייניג
פון דער שטאָט אַ טויזענד איילען
רינגס אַרום :
5 אונד איהר זאָלט מעסטען אויסע־
ווייניג פון דער שטאָט אַן דער מזרח זייט
צוויא טויזענד איילען, אונד אַן דרום
זייט צוויא טויזענד איילען, אונד אַן
מערב זייט צוויא טויזענד איילען, אונד
אונד אַן צפון זייט צוויא טויזענד
איילען, אונד די שטאָט זאָל זיין אין
דער מיטען, דאָס זאָל זיין צו זיי די
פלעצער פון די שטאָט :
6 אונד די שטעט וואָס איהר זאָלט
געבען צו די לוים זאָלען זיין זעקס
ענטלויפונגס שטעט (ערי המקלט),
אַוואו אַ רוצח מעג דאָרט אַהין לויפען ;
אונד איבער די זאָלט איהר נאָך
געבען צוויא אונד פירציג שטעט :
7 אַלע שטעט וואָס איהר זאָלט געבען
צו די לוים זאָלען זיין אַכט אונד
פירציג שטעט מיט זייערע (פרייע)
פלעצער :
8 אונד די שטעט וואָס איהר זאָלט
געבען זאָלען זיין פון דעם ערבטייל
פון די קינדער ישראל ; פון די וואָס
האָבען פיל זאָלט איהר פיל געבען,
אונד פון די וואָס האָבען ווייניג זאָלט
איהר ווייניג געבען ; איטליכער לויט
דעם וואָס ער האָט געארבט פון זיין
נחלה, זאָל ער געבען פון זיינע שטעט
צו די לוים :
9 אונד גאָט האָט גערעדט צו משה
אַזוי צו זאָגען :
10 רעד צו די קינדער ישראל אונד
דו זאָלסט צו זיי זאָגען, ווען איהר
וועט איבערפאָרען דעם ירדן צו דעם
לאַנד כנען :
11 אַזוי זאָלט איהר צו אייך אָנגרייטען
שטעט, זיי זאָלען צו אייך זיין ענט־
לויפונגס שטעט, אַז אַ רוצח וואָס דער־
שלאָגט איינעם (בשוגג) אומגערן זאָל
דאָרטען אַהין ענטלויפען קענען :
12 אונד די זאָלען צו אייך זיין אַלס
ענטלויפונגס שטעט פאַר דעם בלוט
דערלייזער, אַז דער רוצח זאָל ניט
שטאַרבען ביז ער וועט שטיין צום
משפט פאַר די געמיינדע (דינים) :
13 אונד די שטעט וואָס איהר זאָלט
געבען, זאָלען צו אייך זיין זעקס
ענטלויפונגס שטעט :
14 דריא שטעט זאָלט איהר געבען
אויף דיזער זייט ירדן, אונד דריא
שטעט אין דעם לאַנד כנען, זיי זאָלען
זיין ענטלויפונגס שטעט :
15 צו די קינדער ישראל אונד (אויך)
צו אַ גר וואָס וואוינט צווישען אייך
זאָלען דיזע זעקס שטעט זיין צום
ענטלויפען, אַז איטליכער וואָס דער־

שְׁלָאגְט אֵיינֶעם אוּמְגֶערְן זָאל קֶענֶען דָארְט אַהִין לוֹיפֶען׃

16 אוּנְד װֶען אֵיינֶער דֶערְשְׁלָאגְט דֶעם אַנְדֶערְן מִיט אַן אֵייזֶערְנֶע כֵּלִי אוּנְד עֶר שְׁטַארְבְּט אַזוֹי אִיז עֶר אַ רֹצֵחַ, דֶער רֹצֵחַ מוּז גֶעװִיס גֶעטֵייט װֶערֶען׃

17 אוּנְד װֶען עֶר שְׁלָאגְט אִיהְם מִיט אַ שְׁטֵיין װָאס אִיז אִין זֵיינֶע הַאנְד אוּנְד עֶר שְׁטַארְבְּט דַאדוּרְךְ, אַזוֹי אִיז עֶר אַ רֹצֵחַ, דֶער רֹצֵחַ מוּז גֶעװִיס גֶעטֵייט װֶערֶען׃

18 אוּנְד װֶען עֶר שְׁלָאגְט אִיהְם מִיט אַ הָאלְצֶערְנֶע כֵּלִי װָאס אִיז אִין זֵיינֶע הַאנְד אוּנְד עֶר שְׁטַארְבְּט דַאדוּרְךְ, אַזוֹי אִיז עֶר אַ רֹצֵחַ, דֶער רֹצֵחַ מוּז גֶעװִיס גֶעטֵייט װֶערֶען׃

19 דֶער בְּלוּט דֶערְלֵייזֶער זָאל דֶעם רֹצֵחַ טֵייטֶען, אַװוּ עֶר בֶּעגֶעגֶענְט אִיהְם מֶעג עֶר אִיהְם טֵייטֶען׃

20 אוּנְד װֶען עֶר װֶעט אִיהְם אַ שְׁטוֹיס גֶעבֶּען אוֹיס פֵיינְדְשַׁאפְט, אָדֶער עֶר װַארְפְט עֶפֶּעס אוֹיף אִיהְם אִין פֶּערְבָּרְגֶענֶעם, אוּנְד עֶר שְׁטַארְבְּט׃

21 אָדֶער עֶר שְׁלָאגְט אִיהְם מִיט זֵיינֶע הַאנְד אוֹיס פֵיינְדְשַׁאפְט אוּנְד עֶר שְׁטַארְבְּט, אַזוֹי זָאל דֶער שְׁלֶעגֶער גֶעטֵייט װֶערֶען, עֶר אִיז אַ רֹצֵחַ, דֶער בְּלוּט דֶערְלֵייזֶער זָאל דֶעם רֹצֵחַ טֵייטֶען אַװוּ עֶר בֶּעגֶעגֶענְט אִיהְם׃

22 אָבֶּער װֶען עֶר שְׁטוֹיסְט אִיהְם פְּלוּצְלִינְג אָהְן אַ פֵיינְדְשַׁאפְט, אָדֶער עֶר װַארְפְט אוֹיף אִיהְם אַ כֵּלִי נִיט אִים פֶּערְבָּארְגֶענֶעם׃

23 אָדֶער דוּרְךְ אִירְגֶענְד אַ שְׁטֵיין דוּרְךְ װֶעלְכֶען מֶען קֶען שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט עֶס נִיט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד עֶס פַאלְט אוֹיף אִיהְם אוּנְד עֶר שְׁטַארְבְּט, אָבֶּער עֶר װָאר נִיט זֵיין פֵיינְד, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ נִיט גֶעזוּכְט זֵיין שְׁלֶעכְטֶעס׃

24 אַזוֹי זָאל דִיא גֶעמֵיינְדֶע מִשְׁפָּטֶן צְװִישֶׁען דֶעם רֹצֵחַ אוּנְד צְװִישֶׁען דֶעם גוֹאֵל הַדָם װֶעגֶען דִיא דָאזִיגֶע מִשְׁפָּטִים׃

25 אוּנְד דִיא גֶעמֵיינְדֶע זָאל דֶעם רֹצֵחַ מַצִיל זֵיין פוּן דִיא הַאנְד פוּן דֶעם בְּלוּט דֶערְלֵייזֶער, אוּנְד דִיא גֶעמֵיינְדֶע זָאל אִיהְם צוּרִיק קֶעהְרֶען צוּ זֵיינֶע עֶנְטְלוֹיפוּנְגְס שְׁטָאט, אַװוּ עֶר אִיז דָארְט אַהִין גֶעלָאפֶען, אוּנְד עֶר זָאל דָארְט בְּלֵייבֶּען בִּיז דֶער כֹּהֵן הַגָדוֹל װָאס אִיז גֶעזַאלְבְּט גֶעװָארֶען מִיט דֶעם הֵיילִיגֶען אֵייל װֶעט שְׁטַארְבֶּען׃

26 אָבֶּער װֶען דֶער רֹצֵחַ װֶעט אַרוֹיסגֵיין אִיבֶּער דִיא גְרֶענֶעץ פוּן זֵיינֶע עֶנְטְלוֹיפוּנְגְס שְׁטַאט אַװוּ עֶר אִיז דָארְט אַהִין גֶעלָאפֶען׃

27 אוּנְד װֶען דֶער בְּלוּט דֶערְלֵייזֶער גֶעפִינְט אִיהְם בֵּייא דִיא גְרֶענֶעץ אוֹיסֶעװֵיינִיג פוּן זֵיינֶע עֶנְטְלוֹיפוּנְגְס שְׁטָאט, אוּנְד דֶער גוֹאֵל הַדָם דֶערְשְׁלָאגְט דֶעם רֹצֵחַ, אַזוֹי אִיז עֶר נִיט בְּלוּט שוּלְדִיג׃

28 װָארִין עֶר מוּז בְּלֵייבֶּען אִין זֵיינֶע עֶנְטְלוֹיפוּנְגְס שְׁטָאט בִּיז דֶער כֹּהֵן הַגָדוֹל שְׁטַארְבְּט, אוּנְד נָאךְ דֶעם טוֹיט פוּן דֶעם כֹּהֵן הַגָדוֹל מֶעג דֶער רֹצֵחַ צוּרִיק קֶעהְרֶען צוּ דֶעם לַאנְד פוּן זֵיין עֶרְבְּטֵייל׃

29 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זָאלֶען צוּ אֵייךְ זֵיין אַ־ם אַ גֶעזֶעצְטֶען מִשְׁפָּט צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער אִין אַלֶע אֵיירֶע װָאוֹינוּנְגֶען׃

30 אִיטְלִיכֶער װָאס דֶערְשְׁלָאגְט אַ מֶענְשׁ, לוֹיט דִיא עֵדוּת זָאל דֶער רֹצֵחַ דֶערְשְׁלָאגֶען װֶערֶען, אָבֶּער אֵיין עֵדוּת

קֶענֶן נִיט עֶנְטפֶּערְן אוֹיף אֵיינֶעם אַז מֶען זָאל אִיהְם טֵייטֶען:

31 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט נֶעמֶען אַן אוֹיסְלֵייזוּנְג פַאר דֶעם נֶפֶשׁ פוּן דֶעם רֹצֵחַ וָואס אִיז שׁוּלְדִיג דֶעם טוֹיט, נֵייעֶרְט עֶר זָאל גֶעוִויס גֶעטֵייטֶעט וֶוערֶען:

32 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט נֶעמֶען אַן אוֹיסְלֵייזוּנְג פַאר דֶעם וָואס אִיז עֶנְטְלָאפֶען צוּ זֵיינֶע עֶנְטְלוֹיפוּנְגס שְׁטָאט, אַז עֶר זָאל צוּרִיק קוּמֶען צוּ וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד בִּיז דֶער כֹּהֵן הַגָּדוֹל וֶועט שְׁטַארְבֶּען:

33 אַז אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְאוּנְרֵיינִיגֶען דָאס לַאנְד אִין וֶועלְכֶעם אִיהְר זֶענְט דָארִין, וָוארִין דָאס בְּלוּט פֶערְאוּנְרֵיינִיגְט דָאס לַאנְד, אוּנְד צוּ דֶעם לַאנְד וֶועט נִיט פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען דָאס (אוּנְשׁוּלְדִיגֶע) בְּלוּט וָואס אִיז דַארִין פֶערְגָאסֶען גֶעוָוארֶען, נֵייעֶרְט דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט וָואס הָאט עֶס פֶערְגָאסֶען:

34 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט מְטַמֵּא זֵיין דָאס לַאנְד אִין וֶועלְכֶעם אִיהְר וְואוֹינְט דַארִין, אוּנְד אִין וֶועלְכֶעם אִיךְ רוּהֶע דַארִין, וָוארִין אִיךְ רוּהֶע צְוִוישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:

## קאפיטעל לו

1 אוּנְד עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהֶנְט דִיא רָאשֵׁי אָבוֹת פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן גִּלְעָד, זוּהְן פוּן מָכִיר זוּהְן פוּן מְנַשֶּׁה, פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה דֶער קִינְדֶער פוּן יוֹסֵף, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערֶעט פַאר מֹשֶׁה אוּנְד פַאר דִיא נְשִׂיאִים, דִיא רָאשֵׁי אָבוֹת פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:

2 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ מֵיין הַאר צוּ גֶעבֶּען דָאס לַאנְד אַלְס אַן עֶרְבְּטֵייל דוּרְךְ אַ גוֹרָל צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד מֵיין הַאר אִיז גֶעבָּאטֶען גֶעוָוארֶען בֵּייא גָאט צוּ גֶעבֶּען דָאס עֶרְבְּטֵייל פוּן אוּנְזֶער בְּרוּדֶער צְלָפְחָד צוּ זֵיינֶע טֶעכְטֶער:

3 אוּנְד וֶוען זֵייא וֶועלֶען זֵיין צוּ ווייבֶּער צוּ אֵירְגֶענְד אֵיינֶעם פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל אַזוֹי זָאל זֵייעֶר עֶרְבְּטֵייל גֶעמִינֶערְט וֶוערֶען פוּן דֶעם עֶרְבְּטֵייל פוּן אוּנְזֶערֶע פֶעטֶער, אוּנְד עֶס זָאל צוּגֶעטְהוּן וֶוערֶען צוּ דֶעם עֶרְבְּטֵייל פוּן דֶעם שֵׁבֶט צוּ וֶועלְכֶען זֵייא וֶועלֶען גֶעהֶערֶען, אוּנְד פוּן דֶעם גוֹרָל פוּן אוּנְזֶער עֶרְבְּטֵייל זָאל עֶס גֶעמִינֶערְט וֶוערֶען:

4 אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט זֵיין דֶער יוֹבֵל צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַזוֹי וֶועט זֵייעֶר עֶרְבְּטֵייל גֶעמֶעהְרְט וֶוערֶען, אָבֶּער דֶעם עֶרְבְּטֵייל פוּן דֶעם שֵׁבֶט צוּ וֶועלְכֶעם זֵייא וֶועלֶען גֶעהֶערֶען, אוּנְד פוּן דֶעם עֶרְבְּטֵייל פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן אוּנְזֶערֶע פֶעטֶער וֶועט זֵייעֶר עֶרְבְּטֵייל גֶעמִינֶערְט וֶוערֶען:

5 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעבָּאטֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל נָאךְ דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן גָאט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער שֵׁבֶט פוּן דִיא קִינְדֶער יוֹסֵף הָאבֶּען רֶעכְט גֶערֶעט:

6 דָאס אִיז דִיא זַאךְ וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען פוּן וֶועגֶען דִיא טֶעכְטֶער פוּן צְלָפְחָד, אַזוֹי צוּ זָאגֶען; צוּ דִיא וָואס וֶועט זֵיין גוּט אִין זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זָאלֶען זֵייא זֵיין צוּ ווייבֶּער, נֵייעֶרְט צוּ דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן זֵייעֶר פָאטֶער זָאלֶען זֵייא זֵיין צוּ ווייבֶּער:

7 אוּנְד אֵיין אַזוֹי אַן אוֹפֶן וֶועט דָאס

עֶרְבְּטֵייל פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל נִיט
אִיבֶּערְגֵיין פוּן אֵיין שֵׁבֶט צוּם אַנְדֶערְן,
נֵייעֶרְט אִיטְלִיכֶער פוּן דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל וֶועט זִיךְ בֶּעהֶעפְּטֶען צוּ דֶעם
עֶרְבְּטֵייל פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן זַיין
פָּאטֶער:
8 אוּנְד אִיטְלִיכֶע טָאכְטֶער וָואס וֶועט
יַרְשְׁנֶען אַן עֶרְבְּטֵייל פוּן דִיא שְׁבָטִים
פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, זִיא זָאל זַיין
אַלְס אַ וַוייבּ צוּ אֵיינֶעם פוּן דֶער
מִשְׁפָּחָה פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן אִיהְר
פָּאטֶער, אַז דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלֶען
אִיטְלִיכֶער יַרְשְׁנֶען דָאס עֶרְבְּטֵייל פוּן
זַיין פָּאטֶער:
9 אוּנְד דָאס עֶרְבְּטֵייל זָאל נִיט אָבּ־
קֶעהֶרֶען פוּן אֵיין שֵׁבֶט צוּם אַנְדֶערְן,
נֵייעֶרְט אִיטְלִיכֶער פוּן דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל זָאל זִיךְ בֶּעהֶעפְטֶען אִין זַיין
עֶרְבְּטֵייל נָאךְ דֶעם שֵׁבֶט נָאךְ:
10 אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען
דֶעם מֹשֶׁה אַזוֹי הָאבֶּען דִיא טֶעכְטֶער
פוּן צְלָפְחָד גֶעטְהוּן:
11 אוּנְד מַחְלָה, תִּרְצָה אוּנְד חָגְלָה
אוּנְד מִלְכָּה אוּנְד נֹעָה, דִיא טֶעכְטֶער
פוּן צְלָפְחָד זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צוּ וַוייבֶּער
צוּ דִיא זִיהְן פוּן זֵייעֶר פֶעטֶער:
12 צוּ דִיא מִשְׁפָּחָה דֶער קִינְדֶער
מְנַשֶּׁה זוּהְן פוּן יוֹסֵף זֶענֶען זֵייא גֶע־
וֶועזֶען צוּ וַוייבֶּער, אוּנְד זֵייעֶר עֶרְבְּטֵייל
אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם שֵׁבֶט פוּן דֶער
מִשְׁפָּחָה פוּן זֵייעֶר פָּאטֶער:
13 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא מִצְוֹת
אוּנְד דִיא מִשְׁפָּטִים וָואס גָאט הָאט
גֶעבָּאטֶען דוּרךְ מֹשֶׁה צוּ דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל אִין דֶעם פְּלוֹין פוּן מוֹאָב בֵּייא
דֶעם יַרְדֵּן פוּן יְרֵחוֹ:

חזק

# דברים א

1 דָאס זֶענֶען דִיא רֵייד וָואס משֶׁה
הָאט גערֶעט צוּ אַלֶע יִשְׂרָאֵל אוֹיף
יֶענֶער זַייט יַרְדֵן, אִין דֶער מִדְבָּר, אִין
דֶעם פְּלוֹין קֶעגֶען אִיבֶּער דֶעם יַם
סוּף, צְוִוישֶׁען פָּארָן אוּנְד צְוִוישֶׁען תּוֹפֶל,
אוּנְד לָבָן אוּנְד חֲצֵרוֹת אוּנְד דִי זָהָב:
2 עֶלְף טֶעג רֵייזֶע אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן
חוֹרֵב דוּרְךְ דֶעם וֶועג פוּן דֶעם בַּארְג
שֵׂעִיר בִּיז נָאךְ קָדֵשׁ בַּרְנֵעַ:
3 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
פִירְצִיגְסְטֶען יָאהְר אִין דֶעם עֶלְפְטֶען
חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן
חוֹדֶשׁ, אַזוֹי הָאט משֶׁה גֶערֶעט צוּ דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, נָאךְ אַלֶעם וָואס גָאט
הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען צוּ זַייא:
4 נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען
סִיחוֹן, קֶענִיג פוּן דֶעם אֱמוֹרִי, וָואס
ווְאוֹינְט אִין חֶשְׁבּוֹן, אוּנְד עוֹג קֶענִיג
פוּן בָּשָׁן, וָואס ווְאוֹינְט אִין עַשְׁתָּרוֹת
אוּנְד אִין אֶדְרֶעִי:
5 אוֹיף יֶענֶער זַייט יַרְדֵן, אִין דֶעם
לַאנְד מוֹאָב, הָאט משֶׁה אָנְגֶעהוֹיבֶּען
צוּ דֶערקְלֶערֶען דִיא דָאזִיגֶע תּוֹרָה אַזוֹי
צוּ זָאגֶען:
6 יְהֹוָה אוּנְזֶער גָאט הָאט צוּ אוּנְס
גֶערֶעט אִין חוֹרֵב, אַזוֹי צוּ זָאגֶען;
אִיהְר זֶענְט שׁוֹין לַאנְג גֶענוּג גֶעבְּלִיבֶּען
בַּייא דֶעם דָאזִיגֶען בַּארְג:
7 קֶעהְרְט אֵייךְ אוּם אוּנְד צִיהְט
אַוֶועק, אוּנְד קוּמְט צוּ דֶעם בַּארְג פוּן
דֶעם אֱמוֹרִי, אוּנְד צוּ אַלֶע זַיינֶע שְׁכֵנִים
אִין דֶעם פְּלוֹין אוֹיף דֶעם בַּארְג, אוּנְד
אִין דֶעם טָאל אִין דָרוֹם זַייט, אוּנְד
אַן דֶעם בָּארְטֶען פוּן יַם, אִין דֶעם
לַאנְד פוּן דֶעם כְּנַעֲנִי, אוּנְד דֶעם
לְבָנוֹן, בִּיז צוּ דֶעם גְרוֹיסֶען טַייךְ,
דֶעם טַייךְ פְּרָת:
8 זֶעה, אִיךְ הָאבּ דָאס לַאנְד פַאר
אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען, קוּמְט אַרֵיין אוּנְד יַרְשְׁת
דָאס לַאנְד וָואס גָאט הָאט גֶעשְׁוָוארֶען
צוּ אֵיירֶע פֶּעטֶער, צוּ אַבְרָהָם, צוּ
יִצְחָק אוּנְד צוּ יַעֲקֹב, עֶס צוּ זַייא צוּ
גֶעבֶּען אוּנְד צוּ זַיירֶע זָאמֶען נָאךְ זַייא:
9 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט
צוּ דֶער זֶעלְבֶּער צַייט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
אִיךְ קֶען אֵייךְ נִיט אַלֵיין עֶרְטְרָאגֶען:
10 דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט אֵייךְ
פֶערְמֶעהְרְט, אוּנְד אִיהְר זֶענְט הֵייטֶע
אַזוֹי פִיל ווִיא דִיא שְׁטֶערְן פוּן הִימֶעל:
11 דֶער הַאר, גָאט פוּן אֵיירֶע פֶּעטֶער
זָאל אֵייךְ נָאךְ אַ טוֹיזֶענְד מָאל אַזוֹי
פִיל פֶערְמֶעהְרֶען, אוּנְד עֶר זָאל אֵייךְ
בֶּענְשֶׁען, אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט צוּ אֵייךְ
גֶערֶעט:
12 אָבֶּער ווִיא קֶען אִיךְ אַלֵיין טְרָאגֶען
אֵיירֶע מִיה אוּנְד אֵיירֶע מַשָּׂא, אוּנְד
אֵיירֶע שְׁטְרֵייטֶערֵייעֶן?
13 קְלוֹיבְּט אֵייךְ אוֹיס מֶענֶער, קְלוּגֶע
אוּנְד פֶערְשְׁטֶענְדִיג לֵייט, וָואס זֶענֶען
בֶּעקָאנְט צוּ אֵיירֶע שְׁבָטִים, אוּנְד אִיךְ
וֶועל זַייא מַאכֶען צוּ אֵיירֶע הוֹיפְּטְלֵייט:
14 אוּנְד אִיהְר הָאט מִיר גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס וָוארְט
וָואס דוּא הָאסְט גֶערֶעט אִיז גוּט צוּ
טְהוּן:
15 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶענוּמֶען דִיא

הויפּטלַייט פון אֵײיֶרע שְׁבָטִים, קְלוּגֶע
אוּנְד בֶּעקַאנְטֶע מֶענֶער, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען אַלְס הויפּטלֵייטֶע
אִיבֶּער אֵייךְ, אויבֶּערשְׁטֶע אִיבֶּער
טויזֶענְד, אוּנְד אויבֶּערשְׁטֶע אִיבֶּער
הוּנְדֶערְט, אוּנְד אויבֶּערשְׁטֶע אִיבֶּער
פוּפְצִיג, אוּנְד אויבֶּערשְׁטֶע אִיבֶּער
צֶעהְן, אוּנְד אַלְס אַמְטסְלֵייט צוּ אֵײיֶרע
שְׁבָטִים׃
16 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אויךְ צוּ דֶערְר
זֶעלְבֶּער צֵייט בֶּעפוֹילֶען אֵײיֶרע רִיכְטֶער,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען; אִיהְר זָאלְט (גוּט)
אוים הֶערֶען צְווִישֶׁען אֵײיֶרע בְּרִידֶער,
אוּנְד אִיהְר זָאלְט מִשְׁפָּטֶ'ן מִיט גֶער
רֶעכְטִיגְקֵייט צְווִישֶׁען אַ מַאן אוּנְד זֵיין
בְּרוּדֶער, אוּנְד צְווִישֶׁען זֵיין גֵר
(פְרֶעמְדֶען)׃
17 אִיהְר זָאלְט נִיט דֶערְקֶענֶען אַ
פָּנִים אִין דֶעם מִשְׁפָּט, אִיהְר זָאלְט
אוים הֶערֶען דֶעם קְלֵיינֶעם אַזוֹי וִויא
דֶעם גְרויסֶען, אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט
פָארְכְטֶען פַאר קֵיין מַאן, ווָארִין דָאס
מִשְׁפָּט גֶעהֶערְט צוּ גָאט; אוּנְד דִיא
זַאךְ ווָאס אִיז פַאר אֵייךְ צוּ שְׁוֶוער
זָאלְט אִיהְר צוּ מִיר אַהֶער בְּרֶענְגֶען
אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ אוים הֶערֶען׃
18 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ צוּ דֶער
זֶעלְבֶּער צֵייט גֶעבָּאטֶען אַלֶע זַאכֶען
ווָאס אִיהְר זָאלְט טְהוּן׃
19 אוּנְד מִיר זֶענֶען אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען
פוּן חוֹרֵב, אוּנְד זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דִיא
דָאזִיגֶע גַאנְצֶע גְרויסֶע אוּנְד פוּרְכְטֶערְ־
לִיכֶע מִדְבָּר, ווָאס אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען
אוּיף דֶעם וֶועג פוּן דֶעם בַּארְג פוּן
דֶעם אֱמוֹרִי, אַזוֹי וִויא דֶער הַאר אוּנְזֶער
גָאט הָאט אוּנְס גֶעבָּאטֶען; אוּנְד מִיר
זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז נָאךְ קָדֵשׁ בַּרְנֵעַ׃
20 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט,
אִיהְר זֶענְט גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֶעם בַּארְג
פוּן דֶעם אֱמוֹרִי, ווָאס דֶער הַאר אוּנְזֶער
גָאט הָאט צוּ אוּנְס גֶעגֶעבֶּען׃
21 זֶעה, דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט
פַאר דִיר גֶעגֶעבֶּען דָאס לַאנְד, גֵייא
אַרוּיף אוּנְד נֶעם עֶס אֵיין, אַזוֹי וִויא
דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן דֵיינֶע פֶּעטֶער
הָאט צוּ דִיר גֶערֶעט, דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט
פָארְכְטֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט
עֶנְגְסְטֶען׃
22 אַזוֹי הָאט אִיהְר אֵייךְ אַלֶע צוּ
מִיר גֶענֶעהְנְט, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט,
מִיר ווִילֶען פַאר אוּנְס אויסְשִׁיקֶען מֶענֶער
אַז זֵייא זָאלֶען פַאר אוּנְס אויסְזֶעהֶען
דָאס לַאנְד, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אוּנְס
צוּרִיק בְּרִינְגֶען אַנְטְוָוארְט אִיבֶּער דֶעם
וֶועג אויף וֶועלְכֶען מִיר וֶועלֶען אַרוּיפְ־
גֵיין, אוּנְד אִיבֶּער דִיא שְׁטֶעט צוּ
וֶועלְכֶע מִיר וֶועלֶען קוּמֶען׃
23 אוּנְד דִיא זַאךְ אִיז ווָאוִיל גֶעפֶעלֶען
אִין מֵיינֶע אויגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ פוּן
אֵייךְ גֶענוּמֶען צְוֶועלְף מֶענֶער, פוּן
אִיטְלִיכֶען שֵׁבֶט אַ מַאן׃
24 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוּיפְגֶעגַאנְגֶען אוּיף
דֶעם בַּארְג, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען
בִּיז צוּ דֶעם טָאל אֶשְׁכּוֹל, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען עֶס אוים גֶעזֶעהֶען׃
25 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען אִין
זֵײיֶרע הֶענְד פוּן דִיא פֵּירוֹת פוּן דֶעם
לַאנְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַרוּיפְ־
גֶעבְּרֶענְגְט צוּ אוּנְס; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אוּנְס גֶעבְּרֶענְגְט אַן אַנְטְוָוארְט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס לַאנְד אִיז
גוּט ווָאס דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט
ווִיל אוּנְס גֶעבֶּען׃

26 אָבֶּער אִיהְר הָאט נִיט גֶעוָואלְט אַרוֹיפְגֵיין, אוּנְד אִיהְר הָאט ווִידֶער גֶע־שְׁפֶּענִיגְט קֶעגֶען דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט:

27 אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעמוּרְמֶעלְט אִין אֵיירֶע גֶעצֶעלְטֶער, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט, ווֵייל גָאט הָאט אוּנְס פֵיינְד אַזוֹי הָאט עֶר אוּנְס אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרָיִם, אוּנְס צוּ גֶעבֶּען אִין דֶער הַאנְד פוּן דֶעם אֱמוֹרִי אוּם אוּנְס צוּ פֶערְטִילְגֶען:

28 אַווְאוּ זָאלֶען מִיר אַרוֹיפְגֵיין? אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען גֶעמַאכְט צוּגֵיין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער, אוּנְד גֶעזָאגְט, עֶס אִיז אַ גְרוֹיס פָאלְק, אוּנְד הֶעכֶער פוּן אוּנְס, דִיא שְׁטֶעט זֶענֶען גְרוֹיסֶע אוּנְד פֶעסְטֶע (זֵייא גְרֵייכֶען) בִּיז צוּם הִימֶעל, מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ דָארְטֶען גֶעזֶעהֶען דִיא קִינְדֶער פוּן עֲנָק (דִיא רִיזֶען):

29 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט עֶרְשְׁרֶעקֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט פַאר זֵייא פָארְכְטֶען:

30 דֶער הַאר, אֵייעֶר גָאט וָואס גֵייט פַאר אֵייךְ, עֶר וֶועט פַאר אֵייךְ מִלְחָמָה הַאלְטֶען, נָאךְ אַלֶעם וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן אִין מִצְרַיִם פַאר אֵיירֶע אוֹיגֶען:

31 אוּנְד אִין דֶער מִדְבָּר וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען, ווִיא דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיךְ גֶעטְרָאגֶען, אַזוֹי ווִיא אַ מַאן טְרָאגְט זֵיין זוּהְן, אוֹיף דֶעם גַאנְצֶען וֶועג וָואס אִיהְר זֶענְט גֶעגַאנְגֶען בִּיז אִיהְר זֶענְט אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט:

32 אוּנְד אִין דֶער דָאזִיגֶער זַאךְ הָאט אִיהְר נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אִין דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט:

33 וָואס אִיז פַאר אֵייךְ גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם וֶועג, אֵייךְ אוֹיס צוּ זֶעהֶען אַן אָרְט, אֵייךְ צוּ מַאכֶען רוּהֶען, דוּרְךְ אַ פֵייעֶר בֵּייא נַאכְט, אוּם אֵייךְ צוּ ווֵייזֶען דֶעם וֶועג, אִין וֶועלְכֶען אִיהְר זָאלְט גֵיין, אוּנְד דוּרְךְ אַ וָואלְקֶען בֵּייא טָאג:

34 אוּנְד גָאט הָאט גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן אֵיירֶע וֶוערְטֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעצָארְנְט, אוּנְד גֶעשְׁוָוארֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

35 אוֹיבּ אֵיינֶער פוּן דִיא מֶענֶער פוּן דֶעם דָאזִיגֶען שְׁלֶעכְטֶען דוֹר וֶועט זֶעהֶען דָאס גוּטֶע לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁוָוארֶען צוּ גֶעבֶּען צוּ אֵיירֶע פֶעטֶער:

36 גֵייעֶרְט כָּלֵב, דֶער זוּהְן פוּן יְפֻנֶּה, עֶר וֶועט עֶס זֶעהֶען, אוּנְד צוּ אִיהְם וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען דָאס לַאנְד אוֹיף וֶועלְכֶעס עֶר הָאט גֶעטְרֶעטֶען, אוּנְד צוּ זֵיינֶע קִינְדֶער, ווֵייל עֶר הָאט גָאט פָאלְקוֹמֶען נָאכְגֶעפָלְגְט:

37 אוֹיךְ אוֹיף מִיר הָאט עֶר גֶעצָארְנְט פוּן אֵיירֶעטְוֶועגֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ נִיט דָארְט אַרֵיינְקוּמֶען:

38 יְהוֹשֻׁעַ דֶער זוּהְן פוּן נוּן, דֶער וָואס שְׁטֵייט פַאר דִיר, עֶר זָאל דָארְט אַהִינְקוּמֶען, אִיהְם זָאלְסְט דוּא שְׁטַארְקֶען, וָוארִין עֶר וֶועט יִשְׂרָאֵל מַאכֶען אַרְבֶּען:

39 אוּנְד אֵיירֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער, פוּן וֶועלְכֶע אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט אַז זֵייא וֶועלֶען זֵיין צוּ רוֹיבּ, אוּנְד אֵיירֶע קִינְדֶער וָואס ווֵייסֶען נִיט הֵיינְט פוּן גוּטֶעס אוּנְד שְׁלֶעכְטֶעס, זֵייא וֶועלֶען דָארְט אַהִינְקוּמֶען, אוּנְד צוּ זֵייא וֶועל

איך עס געבען, אונד זייא וועלען עס
ירשנ'ן:
40 איהר אבער, קעהרט אייך אום,
אונד ציהט אייך אין דער מדבר
אריין אויף דעם וועג פון ים סוף:
41 אונד איהר האט געאנטוואורטעט
אונד צו מיר געזאגט, מיר האבען
געזינדיגט קעגען גאט, מיר ווילען
ארויפגיין אונד מיר וועלען מלחמה
האלטען, נאך אלעם אזוי וויא דער
האר אונזער גאט האט אונס געבאטען,
אונד איהר האט אנגעגארטעט איט־
ליכער זיין כלי זין פון דער מלחמה,
אונד איהר זענט בערייט געוועזען ארויף
צו גיין אויף דעם בארג:
42 אונד גאט האט צו מיר געזאגט,
זאג צו זייא, איהר זאלט ניט ארויפ־
גיין, אונד איהר זאלט ניט מלחמה
האלטען, ווארין איך בין ניט צווישען
אייך, אז איהר זאלט ניט געמארדעט
ווערען פאר אייערע פיינד:
43 אונד איך האב צו אייך גערעט
אבער איהר האט ניט געוואלט הערען,
אונד איהר האט ווידערגעשפעניגט
קעגען דעם בעפעהל פון גאט, אונד
איהר האט געמוטוויליגט אונד איהר
זענט ארויפגעגאנגען אויף דעם בארג:
44 אונד דער אמורי וואס וואוינט
אויף דעם דאזיגען בארג איז ארויס־
געגאנגען אייך ענטקעגען, אונד זייא
האבען אייך פערזאגט אזוי וויא דיא
בינען טהון עס, אונד זייא האבען
אייך געשטויסען פון שעיר ביז
חרמה:
45 אונד איהר האט אייך צוריקגע־
קעהרט אונד האט געוויינט פאר גאט,
אבער גאט האט ניט געהערט אייער

קול, אונד ער האט ניט געהארכט
צו אייך:
46 אזוי זענט איהר פערבליבען אין
קדש פיל טעג, אזוי וויא דיא טעג
וואס איהר זענט פערבליבען:

## קאפיטעל ב

1 אונד מיר האבען אונס אומגע־
קעהרט, אונד מיר האבען געצויגען
צו דער מדבר, אויף דעם וועג פון
ים סוף, אזוי וויא גאט האט צו מיר
גערעט; אונד מיר האבען ארומ־
געריגנעלט דעם בארג שעיר פיל
טעג:
2 אונד גאט האט צו מיר געזאגט,
אזוי צו זאגען:
3 איהר האט שוין גענוג ארומגע־
רינגעלט דעם דאזיגען בארג, קעהרט
אייך אום נאך צפון זייט:
4 אונד דוא זאלסט דעם פאלק
געביטען אזוי צו זאגען, איהר וועט
אריבערגיין אין דיא גרענעץ פון
אייערע ברידער, דיא קינדער פון עשו,
וואס וואוינען אין שעיר, אונד זייא
וועלען זיך פאר אייך פארכטען,
אבער איהר זאלט אייך זעהר
היטען:
5 איהר זאלט זייא ניט רייצען
ווארין איך וועל צו אייך ניט געבען
פון זייער לאנד, ניט אמאל פון א
טרעטונג פון א פוסבאלען, ווארין איך
האב עס געגעבען אלס ירושה צו
עשו, דעם בארג שעיר:
6 עסענוואַרג זאלט איהר פון זייא
קויפען פאר געלט, אונד איהר זאלט
עסען, אונד אויך וואסער זאלט איהר
פון זייא קויפען פאר געלט, אונד
איהר זאלט טרינקען:



ווארין

7 וָוארִין דֶער הַאר דַיין גָאט הָאט דִיךְ גֶעבֶּענשְׁט אִין אַלֶע וֶוערְק פוּן דַיינֶע הֶענְד, עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט דַיין אַרוּמְגֵיין אִין דֶער דָאזִיגֶער גְרוֹיסֶער מִדְבָּר דִיזֶע פֶערְצִיג יָאהְר, דֶער הַאר דַיין גָאט אִיז מִיט דִיר, עֶר הָאט דִיר קֵיין שוּם זַאךְ נִיט גֶעלָאזְט פֶעהְלֶען:

8 אוּנְד מִיר זֶענֶען אַרִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען פוּן אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער, דִיא קִינְדֶער פוּן עֵשָׂו וָואס הָאבֶּען גֶעוְואוּינְט אִין שֵׂעִיר, אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶעם פְּלוֹין, אֵילַת אוּנְד פוּן עֶצְיוֹן גָבֶר, אוּנְד מִיר הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּנְד זֶענֶען אַרִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶער מִדְבַּר מוֹאָב:

9 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט מוֹאָב בֶּעלֵיידִיגֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא נִיט אָנְרֵייצֶען צוּ אַ מִלְחָמָה, וָוארִין אִיךְ וֶועל דִיר נִיט גֶעבֶּען פוּן זַיין לַאנְד אַן עֶרְבְּטֵייל, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן לוֹט עָר פַאר אֵיין יְרוּשָׁה:

10 דִיא אֵמִים הָאבֶּען פְרִיהֶער דָארְט גֶעוְואוּינְט, אַ גְרוֹיס אוּנְד שְׁטַארְקֶעס פָאלְק, אוּנְד הוֹיךְ אַזוֹי וִויא דִיא (עֲנָקִים) רִיזֶען:

11 דִיא רְפָאִים, זֵייא וֶוערֶען אוֹיךְ גֶערֶעכֶענְט אַזוֹי וִויא דִיא עֲנָקִים, אוּנְד דִיא מוֹאָבִים רוּפֶען זֵייא אֵמִים:

12 אוּנְד אִין שֵׂעִיר הָאבֶּען פְרִיהֶער גֶעוְואוּינְט דִיא חוֹרִים, אָבֶּער דִיא קִינְדֶער פוּן עֵשָׂו הָאבֶּען זֵייא פֶערְטְרִיבֶּען, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא פַאר זִיךְ פֶערְטִילְגְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין זֵייעֶר שְׁטֶעל, אַזוֹי וִויא יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעטְהוּן צוּ דֶעם לַאנְד פוּן זַיין יְרוּשָׁה וָואס גָאט הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען:

13 אַצוּנְד, שְׁטֵייט אוֹיף אוּנְד גֵייט אַרִיבֶּער דֶעם טֵייךְ זֶרֶד; אוּנְד מִיר זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דֶעם טֵייךְ זֶרֶד:

14 אוּנְד דִיא טֶעג וָואס מִיר זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען פוּן קָדֵשׁ בַּרְנֵעַ בִּיז מִיר זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דֶעם טֵייךְ זֶרֶד, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַכְט אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר, בִּיז דָאס גַאנְצֶע דוֹר פוּן דִיא מִלְחָמָה לֵייט זֶענֶען אוֹיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען פוּן צְווִישֶׁען דֶער מַחֲנֶה, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט צוּ זֵייא גֶעשְׁוָואוֹרֶען:

15 אוּנְד דִיא הַאנְד פוּן גָאט אִיז אוֹיךְ קֶעגֶען זֵייא גֶעוֶועזֶען אוּם זֵייא צוּ פֶערְטִילְגֶען פוּן צְווִישֶׁען דֶער מַחֲנֶה בִּיז זֵייא זֶענֶען גֶענְצְלִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען:

16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען אַלֶע מִלְחָמָה לֵייט זֶענֶען אִים גַאנְצֶען אוֹיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען פוּן צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק:

17 אַזוֹי הָאט גָאט צוּ מִיר גֶערֶעט אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

18 דוּא וֶועסְט הַיינְט אִיבֶּער פָאהְרֶען דִיא גְרֶענֶעץ פוּן מוֹאָב, בֵּייא עָר:

19 אוּנְד דוּא וֶועסְט גֶענֶעהֶנֶען קֶעגֶען אִיבֶּער דֶער קִינְדֶער עַמּוֹן; דוּא זָאלְסְט זֵייא נִיט בֶּעלַאגֶערֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא נִיט אָנְרֵייצֶען, וָוארִין אִיךְ וֶועל דִיר נִיט גֶעבֶּען פוּן דֶעם לַאנְד פוּן דִיא קִינְדֶער עַמּוֹן אַלְס יְרוּשָׁה, וָוארִין אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן לוֹט אַלְס יְרוּשָׁה:

20 דָאס אִיז אוֹיךְ אָנְגֶערֶעכֶענְט אַלְס דָאס לַאנְד פוּן דִיא רְפָאִים, דִיא רְפָאִים הָאבֶּען דַארִין פְרִיהֶער גֶעוְואוּינְט

אוּנְד דִי עַמוֹנִים הָאבֶּען זֵייא גֶערוּפֶען
זַמְזֻמִים׃
21 עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיס אוּנְד
שְׁטַארְקֶעס פָאלְק, אַזוֹי וִויא דִיא
עֲנָקִים, אָבֶּער גָאט הָאט זֵייא פַאר
זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען פֶערְטִילִגְט, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זֵייא פֶערטְרִיבֶּען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ אִין זֵייעֶרֶע שְׁטֶעל בֶּעזֶעצְט׃
22 אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ
דִיא קִינְדֶער פוּן עֵשָׂו וָואס הָאבֶּען
גֶעווֹאוּינְט אִין שֵׂעִיר וֶוען עֶר הָאט
דֶעם חוֹרִי פֶערְטִילְגְט פַאר זֵייא, אוּנְד
עֶר הָאט זֵייא פֶערטְרִיבֶּען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט אַן אִיהְרֶע שְׁטֶעל
בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃
23 אוּנְד דִיא עַוִים וָואס הָאבֶּען
גֶעווֹאוֹינְט אִין חֲצֵרִים בִּיז נָאךְ עַזָה,
דִיא כַּפְתּוֹרִים וָואס קוּמֶען אַרוֹיס פוּן
פוּן כַּפְתּוֹר הָאבֶּען זֵייא פֶערְטִילִגְט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט אַן
זֵייעֶרֶע שְׁטֶעל׃
24 שְׁטֵייט אוֹיף אוּנְד צִיהְט, אוּנְד
גֵייט אַרִיבֶּער דֶעם טֵייךְ פוּן אַרְנוֹן,
זֶעה אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען אִין דֵיינֶע
הַאנְד סִיחוֹן, קֶענִיג פוּן חֶשְׁבּוֹן, דֶעם
אֱמוֹרִי, אוּנְד זֵיין לַאנְד, הֵייבּ אָן עֶס
אֵיינְצוּנֶעמֶען, אוּנְד רֵייץ אִיהְם אָן
מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען׃
25 דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג וֶועל אִיךְ
אָנְהֵייבֶּען צוּ גֶעבֶּען דֵיינֶע אַנְגְסְט אוּנְד
דֵיינֶע פָארְכְט אִיבֶּער דִיא פֶעלְקֶער
וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער דֶעם גַאנְצֶען
הִימֶעל, דִיא וָואס וֶועלֶען נוּר הֶערֶען
דֵיין שֵׁם וֶועלֶען צִיטֶערְן אוּנְד זִיךְ דֶערְ־
שְׁרֶעקֶען פַאר דִיר׃
26 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים
אוֹיס דֶער מִדְבָּר קְדֵמוֹת צוּ סִיחוֹן
קֶענִיג פוּן חֶשְׁבּוֹן, רֵייד פוּן שָׁלוֹם. אַזוֹי
צוּ זָאגֶען׃
27 אִיךְ וֶועל אִיבֶּער פָארֶען אִיבֶּער
דֵיין לַאנְד, אוֹיף דֶעם גְלֵייכֶען וֶועג
וֶועל אִיךְ גֵיין, אִיךְ וֶועל נִיט אָפְּקֶערֶען,
נִיט צוּר רֶעכְטֶען אָדֶער צוּר לִינְקֶען׃
28 עֶסֶענְוַוארְג זָאלְסְט דוּא מִיר פַאר
גֶעלְד פֶערְקוֹיפֶען, אַז אִיךְ זָאל עֶסֶען,
אוּנְד וַואסֶער זָאלְסְט דוּא מִיר גֶעבֶּען
פַאר גֶעלְד אַז אִיךְ זָאל טְרִינְקֶען, נוּר
לָאז מִיךְ אִיבֶּער פָאהְרֶען צוּ פוּס׃
29 אַזוֹי וִויא דִיא קִינְדֶער פוּן עֵשָׂו,
וָואס וְואוֹינֶען אִין שֵׂעִיר, אוּנְד דִיא
מוֹאָבִים וָואס וְואוֹינֶען אִין עָר הָאבֶּען
צוּ מִיר גֶעטְהוּן, וֶוען אִיךְ בִּין אִיבֶּער
גֶעפָאהְרֶען דֶעם יַרְדֵן, צוּ דֶעם לַאנְד
וָואס דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט הָאט
צוּ אוּנְס גֶעגֶעבֶּען׃
30 אָבֶּער סִיחוֹן קֶענִיג פוּן חֶשְׁבּוֹן
הָאט אוּנְס נִיט גֶעלָאזְט אִיבֶּער פָאהְרֶען,
וָוארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט פֶערְ־
הַארְטֶעט זֵיין גֶעמִיט, אוּנְד עֶר הָאט
פֶערשְׁטַארְקְט זֵיין הַארְץ, כְּדֵי עֶר
זָאל אִיהְם גֶעבֶּען אִין דֵיינֶע הַאנְד,
אַזוֹי וִויא עֶס אִיז דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃
31 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
זֶעה, אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַאר דִיר
צוּ גֶעבֶּען דֶעם סִיחוֹן אוּנְד זֵיין לַאנְד,
הֵייבּ אָן אִיהְם צוּ פֶערְטְרֵייבֶּען, אוּנְד
צוּ יַרְשֶׁנֶ'ן זֵיין לַאנְד׃
32 אַזוֹי אִיז סִיחוֹן אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אוּנְס עֶנְטְקֶעגֶען, עֶר אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעס
פָאלְק מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען אִין יָהְצָה׃
33 אָבֶּער דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט
הָאט אִיהְם פַאר אוּנְס גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד
מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד
זֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעס פָאלְק׃

34 אוּנְד מִיר הָאבֶּען אֵיינְגֶענוּמֶען
אַלֶע זַיינֶע שְׁטֶעט אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער
צַייט. אוּנְד מִיר הָאבֶּען פֶערְטִילְגְט
מֶענֶער אוּנְד ווַייבֶּער אוּנְד דִיא קְלֵיינֶע
קִינְדֶער, מִיר הָאבֶּען גָאר קֵיינֶעם אִיבְּרִיג
גֶעלָאזֶען:
35 נֵייעֶרְט דִיא בְּהֵמוֹת הָאבֶּען מִיר
פַאר אוּנְס גֶערוֹיבְּט, אוּנְד דֶעם זַאקְרוֹיב
פוּן דִיא שְׁטֶעט ווָאס מִיר הָאבֶּען
אֵיינְגֶענוּמֶען:
36 פוּן עֲרוֹעֵר, ווָאס אִיז בֵּייא דֶעם
טֵייךְ אַרְנוֹן, אוּנְד דִיא שְׁטָאט ווָאס
אִיז בֵּייא דֶעם טֵייךְ, אוּנְד בִּיז נָאךְ
גִלְעָד אִיז נִיט גֶעווֶעזֶען קֵיין שׁוּם
שְׁטָאט ווָאס אִיז גֶעווֶעזֶען שְׁטַארְקֶער
פוּן אוּנְס, דָאס אַלֶעס הָאט דֶער הַאר
אוּנְזֶער גָאט פַאר אוּנְס גֶעגֶעבֶּען:
37 נֵייעֶרְט צוּ דֶעם לַאנְד פוּן דִיא
קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן הָאסְט דוּא דִיךְ נִיט
גֶענֶעהנְט, דִיא גַאנְצֶע זֵייט פוּן דֶעם
טֵייךְ יַבּוֹק, אוּנְד דִיא שְׁטֶעט פוּן דֶעם
גֶעבִּירְגֶע, אוּנְד אַלֶעס ווָאס דֶער הַאר
אוּנְזֶער גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען:

קאפיטעל ג

1 אוּנְד מִיר הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהרְט
אוּנְד זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם
ווֶעג נָאךְ בָּשָׁן, אַזוֹי אִיז עוֹג דֶער
קֶענִיג פוּן בָּשָׁן אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְס
עֶנְטְקֶעגֶען, עֶר אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעם
פָאלְק, מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען אִין
אֶדְרֶעִי:
2 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט פַאר אִיהְם
פָארכְטֶען, ווָארִין אִיךְ הָאבּ אִיהְם
אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעם פָאלְק אוּנְד זֵיין
לַאנְד גֶעגֶעבֶּען אִין דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהְם טְהוּן אַזוֹי ווִיא
דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן צוּ סִיחוֹן קֶענִיג
פוּן דֶעם אֱמוֹרִי ווָאס הָאט גֶעווָאוינְט
אִין חֶשְׁבּוֹן:
3 אוּנְד דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט הָאט
אוֹיךְ אִין אוּנְזֶערֶע הֶענְד גֶעגֶעבֶּען דֶעם
עוֹג קֶענִיג פוּן בָּשָׁן, אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעם
פָאלְק, אוּנְד מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁ־
לָאגֶען, בִּיז מִיר הָאבֶּען אִיהְם נִיט
אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַן אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג:
4 אוּנְד מִיר הָאבֶּען אֵיינְגֶענוּמֶען אַלֶע
זַיינֶע שְׁטֶעט, צוּ דֶער זֶעלְבִּיגֶער צֵייט
אִיז נִיט גֶעווֶעזֶען אַ שְׁטָאט ווָאס מִיר
הָאבֶּען נִיט פוּן זֵייא אַווֶעקְגֶענוּמֶען,
זֶעכְצִיג שְׁטֶעט, דָאס גַאנְצֶע חֵלֶק לַאנְד
אַרְגוֹב, ווָאס הָאט גֶעהֶערְט צוּ דֶעם
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן עוֹג אִין בָּשָׁן:
5 אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעווֶעזֶען
פֶעסְטֶע שְׁטֶעט, מִיט הוֹיכֶע מוֹיעֶרְן,
מִיט טוֹיעֶרְן אוּנְד רִיגֶעלְן, חוּץ דִיא
אָפֶענֶע שְׁטֶעט ווָאס ווַארֶען זֶעהְר פִיל:
6 אוּנְד מִיר הָאבֶּען זֵייא מַחֲרִים
גֶעווֶעזֶען, אַזוֹי ווִיא מִיר הָאבֶּען
גֶעטְהוּן צוּ סִיחוֹן דֶעם קֶענִיג פוּן
חֶשְׁבּוֹן, מִיר הָאבֶּען פֶערְווִיסְט שְׁטֶעט
מֶענֶער, ווַייבֶּער, אוּנְד קְלֵיינֶע קִינְדֶער:
7 אָבֶּער אַלֶע בְּהֵמוֹת, אוּנְד דֶעם
זַאקְרוֹיב פוּן דִיא שְׁטֶעט הָאבֶּען מִיר
פַאר אוּנְס גֶערוֹיבְּט:
8 אוּנְד מִיר הָאבֶּען צוּ דֶער זֶעלְבֶּער
צַייט אַווֶעקְגֶענוּמֶען דָאס לַאנְד פוּן
דֶער הַאנְד פוּן דִיא צְווֵייא קֶענִיגֶע, פוּן
דֶעם אֱמוֹרִי ווָאס אִיז אוֹיף יֶענֶער
זֵייט יַרְדֵן, פוּן דֶעם טֵייךְ אַרְנוֹן בִּיז
צוּם בַּארְג חֶרְמוֹן:
9 דִיא צִידוֹנִים רוּפֶען חֶרְמוֹן שִׂרְיוֹן,
אָבֶּער דֶער אֱמוֹרִי רוּפְט אִיהְם שְׂנִיר:
10 אַלֶע שְׁטֶעט פוּן דֶעם פְּלוֹין, אוּנְד

גאנץ

גאַנץ בָּשָׁן בִּיז נָאךְ סַלְכָה אוּנְד אֶדְרֶעִי, דִיא שְׁטֶעט פוּן דֶעם קֶענִיגְרַייךְ פוּן עוֹג אִין בָּשָׁן:

11 גִייאֶרְט עוֹג דֶער קֶענִיג פוּן בָּשָׁן אִיז אַלֵיין אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא אִיבְּרִיגֶע רִיזֶען; זֶעה, זַיין בֶּעט אִיז גֶעוֶועזֶען אַ בֶּעט פוּן אַייזֶען, אִיז עֶס נִיט אִין רַבַּת וָואס גֶעהֶער צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן? נַיין אֵיילֶען אִיז דִיא לֶענְג, אוּנְד פִיעֶר אֵיילֶען דִיא בְּרֵייט, וִויא דִיא אֵייל פוּן אַ מַאן:

12 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד הָאבֶּען מִיר צוּ דֶער זֶעלְבִּיגֶער צַייט גֶעיַרְשֶׁת, פוּן עֲרוֹעֵר בִּיז צוּ דֶעם טַייךְ אַרְנוֹן, אוּנְד דָאס הַאלְבֶּע גֶעבֶּערְג פוּן גִלְעָד, אוּנְד זַיינֶע שְׁטֶעט הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען צוּם (שֵׁבֶט) רְאוּבֵן אוּנְד צוּ גָד:

13 אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע פוּן גִלְעָד, אוּנְד גַאנְץ בָּשָׁן, דִיא מְלוּכָה פוּן עוֹג הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה, דָאס גַאנְצֶע חֵלֶק לַאנְד פוּן אַרְגוֹב, צוּ גַאנְץ בָּשָׁן, דָאס זֶעלְבִּיגֶע הָאט מֶען גֶערוּפֶען דָאס לַאנְד פוּן דִיא רְפָאִים:

14 יָאִיר, דֶער זוּהְן פוּן מְנַשֶּׁה הָאט גֶענוּמֶען דָאס גַאנְצֶע חֵלֶק לַאנְד פוּן אַרְגוֹב בִּיז צוּ דֶער גְרֶענְעץ פוּן דֶעם גְשׁוּרִי אוּנְד דֶעם מַעֲכָתִי, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶערוּפֶען בֵּייא זַיין נָאמֶען, (דָאס לַאנְד) בָּשָׁן חַוֹּת יָאִיר בִּיז צוּם הַיינְטִיגֶען טָאג:

15 אוּנְד צוּ מָכִיר הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען גִלְעָד:

16 אוּנְד צוּ רְאוּבֵן אוּנְד צוּ גָד הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען פוּן גִלְעָד בִּיז צוּ דֶעם טַייךְ אַרְנוֹן, דִיא זַייטֶע פוּן דֶעם טַייךְ אוּנְד דִיא גְרֶענְעץ, אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם טַייךְ יַבּוֹק וָואס אִיז דִיא גְרֶענְעץ פוּן דִיא קִינְדֶער עַמּוֹן:

17 אוּנְד דֶעם פְּלוֹין, אוּנְד דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד דִיא גְרֶענְעץ פוּן כִּנֶּרֶת בִּיז צוּ דֶעם יַם פוּן דֶעם פְּלוֹין, דָאס יַם הַמֶּלַח, הִינְטֶער דֶעם אוֹיסְגָאס פוּן דִיא הֵייךְ קֶעגֶען מִזְרַח־זַייט:

18 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ צוּ דֶער זֶעלְבִּיגֶער צַייט גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט וָועט אֵייךְ גֶעבֶּען דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד עֶס צוּ יַרְשֶׁנֶען, אִיהְר זָאלְט אִיבֶּער פָאהְרֶען גֶעוָואפֶּענְט פַאר אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אַלֶע שְׁטַארְקֶע הֶעלְדֶען:

19 נֵייעֶרְט אֵייעֶרֶע וַוייבֶּער אוּנְד קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד אֵייעֶרֶע בְּהֵמוֹת—אִיךְ ווייס אַז אִיהְר הָאט פִיל בְּהֵמוֹת—זֵייא זָאלֶען בְּלֵייבֶּען אִין אֵייעֶרֶע שְׁטֶעט וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען:

20 בִּיז גָאט וֶועט צוּ אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער גֶעבֶּען רוּהֶה אַזוֹי וִויא אֵייךְ, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אוֹיךְ יַרְשֶׁנֶען דָאס לַאנְד וָואס דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט וֶועט צוּ זֵייא גֶעבֶּען אַן יֶענֶער זַייט יַרְדֵן, דֶערְנָאךְ זָאלְט אִיהְר צוּרִיקְקֶעהְרֶען אִיטְלִיכֶער צוּ זַיינֶע יְרוּשָׁה וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען:

21 אוּנְד דֶעם יְהוֹשֻׁעַ הָאבּ אִיךְ צוּ דֶער זֶעלְבִּיגֶער צַייט גֶעבָּאטֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֵיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַלֶעס וָואס דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט גֶעטְהוּן צוּ דִיא צְווייא מְלָכִים, גְרָאד אַזוֹי וֶועט גָאט טְהוּן צוּ אַלֶע מְלָכִים אַוואוּ דוּא וֶועסְט דָארְט אַהִין אִיבֶּער פָאהְרֶען:

22 דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט פַאר זֵייא פַארְכְטֶען, וָוארִין דֶער הַאר אֵייעֶר

גָאט וֶועט אֵייעֶרעטְוֶועגֶען מִלְחָמָה הַאלְטֶען׃

ואתחנן

23 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ דֶערְזֶעלְבִּיגֶען צַייט גֶעבֶּעטֶען צוּ גָאט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

24 אוֹי, הַאר גָאט! דוּא הָאסְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ וַוייזֶען צוּ דֵיין קְנֶעכְט דֵיינֶע גְרוֹיסְקֵייט, אוּנְד דֵיינֶע שְׁטַארְקֶע הַאנְד, אַוְואוּ אִיז דֶען פַארְהַאנְדֶען אַזוֹי אַ גָאט (וִויא דוּא) אִים הִימֶעל אוּנְד אוֹיף דֶער עֶרְד וָואס זָאל קֶענֶען טְהוּן אַזוֹי וִויא דוּא טְהוּסְט אוּנְד גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דֵיינֶע שְׁטַארקֵהייט׃

25 לָאז מִיךְ דָאךְ אִיבֶּערְפָאהְרֶען, אוּנְד זֶעהֶען דָאס גוּטֶע לַאנְד וָואס אִיז אוֹיף יֶענֶער זֵייט יַרְדֵן, אוּנְד דֶעם גוּטֶען בַּארְג, אוּנְד לְבָנוֹן׃

26 אוּנְד גָאט הָאט אוֹיף מִיר גֶעצָארנְט אֵייעֶרעטְוֶועגֶען, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ נִיט גֶעוָואלְט צוּהֶערֶען; אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גֶענוּג פַאר דִיר, דוּא זָאלסְט שׁוֹין נִיט מֶעהְר נָאכְאַמָאל צוּ מִיר רֶעדֶען וֶועגֶען דֶער דָאזִיגֶער זַאךְ׃

27 גֵייא אַרוֹיף אוֹיף דִיא שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בַּארְג, אוּנְד הֵייבּ אוֹיף דֵיינֶע אוֹיגֶען, קֶעגֶען מַעֲרָב, אוּנְד צָפוֹן אוּנְד דָרוֹם אוּנְד מִזְרָח זֵייט, אוּנְד זֶעה דָאס לַאנְד, מִיט דֵיינֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער דוּא זָאלְסְט נִיט אִיבֶּערְפָאהְרֶען אִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען יַרְדֵן׃

28 אוּנְד בֶּעפֶעהְל דֶעם יְהוֹשֻׁעַ, אוּנְד שְׁטַארְק אִיהְם אוּנְד בֶּעפֶעסְטִיג אִיהְם, וָוארִין עֶר וֶועט אִיבֶּערפָאהְרֶען פַאר דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק, אוּנְד עֶר וֶועט זֵייא מַאכֶען אַרְבֶּען דָאס לַאנְד וָואס דוּא וֶועסְט זֶעהֶען׃

29 אוּנְד מִיר זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶעם טָאל, קֶעגֶען אִיבֶּער בֵּית פְּעוֹר׃

קאפיטעל ד

1 אוּנְד אַצוּנְד, הֶערְט צוּ אִיהְר יִשְׂרָאֵל, צוּ דִיא גֶעזֶעץ אוּנְד צוּ דִיא רֶעכְטֶע וָואס אִיךְ לֶערְן אֵייךְ צוּ טְהוּן, אַז אִיהְר זָאלְט לֶעבֶּען, אוּנְד אַרֵיינְ־קוּמֶען אוּנְד יַרְשְׁנֶען דָאס לַאנְד וָואס דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן אֵייעֶרע פֶעטֶער וֶועט צוּ אֵייךְ גֶעבֶּען׃

2 אִיהְר זָאלְט נִיט צוּטְהוּן צוּ דֶעם וָוארְט וָואס אִיךְ בֶּעפֶעהְל אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט מִינֶערְן דַאפוּן, צוּ הִיטֶען דִיא מִצְוֹת פוּן דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט וָואס אִיךְ גֶעבִּיט אֵייךְ׃

3 אֵייעֶרע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וָואס גָאט הָאט גֶעטְהוּן אָן בַּעַל פְּעוֹר, וָוארִין אִיטְלִיכֶען מַאן וָואס אִיז נָאכְ־גֶעגַאנְגֶען נָאךְ בַּעַל פְּעוֹר הָאט דֶער הַאר דֵיין גָאט פֶערְטִילְגְט פוּן צְוִוישֶׁען דִיר׃

4 אָבֶּער אִיהְר וָואס הָאט אֵייךְ בֶּעהֶעפְט אִין דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט זֶענְט אַלֶע הֵיינְט לֶעבֶּעדִיג׃

5 זֶעהְט, אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעלֶעהְרְט גֶעזֶעץ אוּנְד רֶעכְטֶע אַזוֹי וִויא דֶער הַאר מֵיין גָאט הָאט מִיר גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי צוּ טְהוּן אִין דֶעם לַאנְד וָואס אִיהְר קוּמְט דָארְט אַהִין עֶס צוּ יַרְשְׁנֶען׃

6 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא הִיטֶען אוּנְד טְהוּן, וָוארִין דָאס אִיז אֵייעֶרע קְלוּגְהֵייט, אוּנְד אֵייעֶרע פֶערשְׁטֶענְדִיגְקֵייט פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא פֶעלְקֶער, וָואס וֶועלֶען הֶערֶען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶען

גֶעזֶעצֶע אוּנְד זֵייא-וֶועלֶען זָאגֶען, דָאס דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע פָאלְק אַלֵיין אִיז אַ קְלוּגֶעס אוּנְד פֶערשְׁטֶענְדִיגֶעס פָאלְק׃

7 אַוְואוּ אִיז דֶען אַזוֹי אַ גְרוֹיס פָאלְק וָואס הָאט גָאט אַזוֹי נָאהֶענְט צוּ אִיהְם, וְויא דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט, אִין אַלֶעם וָואס מִיר רוּפֶען צוּ אִיהְם׃

8 אוּנְד וֶוער אִיז אַ זָאלְכֶעס גְרוֹיסֶע פָאלְק וָואס הָאט זָאלְכֶע גֶערֶעכְטֶע גֶעזֶעץ אוּנְד רֶעכְטֶע, אַזוֹי וְויא דִיא דָאזִיגֶע גַאנְצֶע תּוֹרָה, וָואס אִיךְ גֶעבּ הַיינְט פַאר אֵייךְ?

9 הִיט דִיךְ נוּר, אוּנְד הִיט זֶעהְר דֵיין לֵייבּ, אַז דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְגֶעסֶען דִיא זַאכֶען וָואס דֵיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, אוּנְד דָאס זֵייא זָאלֶען נִיט אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען פוּן דֵיין הַארְץ אַלֶע דֵיינֶע לֶעבֶּענְסְטֶעג, אָבֶּער דוּא זָאלְסְט זֵייא ווייסֶען לָאזֶען צוּ דֵיינֶע קִינְדֶער אוּנְד צוּ דֵיינֶע קִינְדְס קִינְדֶער׃

10 דֶעם טָאג וָואס דוּא בִּיזְט גֶעשְׁטַאנֶען פַאר דֶעם הַאר דֵיין גָאט אִין חוֹרֵב, וֶוען גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, פֶערְזַאמֶעל צוּ מִיר דָאס פָאלְק, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא לָאזֶען הֶערֶען מֵיינֶע וֶוערְטֶער וָואס זֵייא זָאלֶען לֶערְנֶען, אַז זֵייא זָאלֶען מִיךְ פָארכְטֶען אַלֶע טֶעג וָואס זֵייא לֶעבֶּען אוֹיף דֶעם לַאנְד, אוּנְד אַז זֵייא זָאלֶען זֵייא לֶערְנֶען צוּ זֵייעֶרֶע קִינְדֶער׃

11 אוּנְד אִיהְר הָאט אֵייךְ גֶענֶעהֶנְט, אוּנְד אִיהְר זֶענְט גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְטֶער דֶעם בַּארְג, אוּנְד דֶער בַּארְג הָאט גֶעבְּרֶענְט מִיט פַייעֶר, בִּיז אִין מִיטֶען פוּן הִימֶעל (אִיז גֶעוֶועזֶען) פִינְסְטֶער, וָואלְקֶען אוּנְד נֶעבֶּעל׃

12 אוּנְד גָאט הָאט צוּ אֵייךְ גֶערֶעט פוּן צְווִישֶׁען דֶעם פַייעֶר; אִיהְר הָאט נוּר גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן דִיא וֶוערְטֶער אָבֶּער קֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט הָאט אִיהְר נִיט גֶעזֶעהֶען׃

13 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אֵייךְ אָנְגֶעזָאגְט זֵיין בְּרִית וָואס עֶר הָאט אֵייךְ גֶעבָּאטֶען צוּ טְהוּן, דִיא (עֲשֶׂרֶת הַדְּבָרִים) צֶעהְן רֵייד, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף צְווייא שְׁטֵיינֶערְנֶע טָאפֶעלְן׃

14 אוּנְד מִיר הָאט גָאט צוּ דֶער זֶעלְבִּיגֶער צַייט גֶעבָּאטֶען אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ לֶערְנֶען דִיא גֶעזֶעץ אוּנְד רֶעכְטֶע אַז אִיהְר זָאלְט זֵייא טְהוּן אִין דֶעם לַאנְד וְואוּ אִיהְר דַארְט אַהִין אִיבֶּערְפָאהְרט עֶס צוּ יַרְשְׁנֶען׃

15 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייעֶרֶע לֵייבֶּער זֶעהְר הִיטֶען; וָוארִין אִיהְר הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען קֵיין שׁוּם גֶעשְׁטַאלְט אַן דֶעם טָאג וֶוען גָאט הָאט צוּ אֵייךְ גֶערֶעט אִין חוֹרֵב פוּן צְווִישֶׁען דֶעם פַייעֶר׃

16 טָאמֶער וֶועט אִיהְר אֵייךְ פֶערְדַארְבֶּען אוּנְד אִיהְר וֶועט צוּ אֵייךְ מַאכֶען אַ גֶעשְׁנִיצְטֶעס בִּילְד, אַ גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ גֶעצֶענְבִּילְד, פוּן אַ זָכָר אָדֶער אַ נְקֵבָה׃

17 אַ גֶעשְׁטַאלְט פוּן אִירְגֶענְד אַ בְּהֵמָה וָואס אִיז אִין דֶעם לַאנְד, אַ גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַלֶערְלֵייא פֵייגֶעל וָואס הָאבֶּען פְלִיגֶעל, אוּנְד וָואס פְלִיהֶען אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל׃

18 אָדֶער אַ גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַלֶערְלֵייא קְרִיכֶענְדֶעס וָואס אִיז אִין דֶער עֶרְד, אָדֶער אַ גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַלֶערְלֵייא פִישׁ וָואס אִיז אִים וַואסֶער אוּנְטֶער דֶער עֶרְד׃

19 אוּנְד טָאמֶער וֶועסְט דוּא אוֹיפְהֵייבֶּען דֵיינֶע אוֹיגֶען צוּם הִימֶעל,

אונד

אונד דוא װעסט אַנקוקען דיא זון
דיא לְבָנָה, אונד דיא שְׁטֶערֶען, אַלֶע
הֶערְשָׁארֶען פון דֶעם הִימֶעל, אונד
דוא װֶעסְט פֶערשְׁטױסֶען װֶערֶען, אונד
דוא װֶעסְט דיך צו זֵייא בִּיקֶען, אונד
זֵייא דִינֶען, דיא װָאס דֶער הַאר
דֵיין גָאט הָאט זֵייא אָפְּגֶעטֵיילְט צו
אַלֶע פֶעלְקֶער װָאס זֶענֶען אונְטֶער
דֶעם גַאנְצֶען הִימֶעל:
20 אונד אֵייך הָאט גָאט אָנְגֶענוּמֶען
אונד עֶר הָאט אֵייך אַרױסְגֶעבְּרַאכְט
פון דֶעם אֵייזֶערְנֶען שְׁמֶעלְץ־אױפֶען,
פון מִצְרַיִם, אַז אִיהְר זָאלְט צו אִיהְם
זֵיין אַ פָאלְק אַן עֶרבְּטֵייל, אַזױ װיא
עֶס אִיז דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג:
21 אָבֶּער גָאט הָאט אויף מִיר
גֶעצָארְנְט אֵייעֶרטְװֶעגֶען, אונד עֶר הָאט
גֶעשְׁװָארֶען אַז אִיךְ זָאל נִיט אִיבֶּער־
פָאהְרֶען דֶעם יַרְדֵן, אונד אַז אִיךְ זָאל
נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֶעם גוּטֶען לַאנְד,
װָאס דֶער הַאר דֵיין גָאט װֶעט דִיר
גֶעבֶּען צו אַ נַחֲלָה:
22 נֵייעֶרְט אִיךְ װֶעל שְׁטַארְבֶּען אִין
דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, אִיךְ װֶעל נִיט
אַרִיבֶּערְגֵיין אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן, אָבֶּער
אִיהְר װֶעט אַרִיבֶּערְגֵיין, אונד אִיהְר
װֶעט יַרְשְׁנֶען דָאס דָאזִיגֶע גוּטֶע לַאנְד:
23 אַזױ הִיט אֵייךְ, אַז אִיהְר זָאלְט
נִיט פֶערְגֶעסֶען דֶעם בְּרִית פון דֶעם
הַאר אֵייעֶר גָאט, װָאס עֶר הָאט מִיט
אֵייךְ כּוֹרֵת בְּרִית גֶעװֶעזֶען, אַז אִיהר
זָאלְט צו אֵייךְ נִיט מַאכֶען אַ גֶע־
הויעֶטֶעס בִּילְד אַ גְלֵייכֶענִים פון אַלֶעם
װָאס דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיר
(פֶער)בָּאטֶען:
24 װָארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט אִיז אַ
בְּרֶענֶעדִיג פֵייעֶר, עֶר אִיז אַ גָאט װָאס
אִיז זִיךְ נוֹקֵם:
25 װֶען דוא װֶעסְט גֶעװִינֶען קִינְדֶער
אונד קִינְדְס קִינְדֶער, אונד אִיהְר װֶעט
אֵייךְ פֶערְאַלְטֶען אִין דֶעם לַאנְד, אונד
אִיהְר װֶעט אֵייךְ פֶערְדַארְבֶּען, אונד
אִיהְר װֶעט מַאכֶען אֵיין גֶעהויעֶטֶעס
בִּילְד, אַ גְלֵייכֶענֶעס פון אַלֶעם, אונד
אִיהְר װֶעט טְהוּן װָאס אִיז שְׁלֶעכְט אִין
דיא אויגֶען פון דֶעם הַאר דֵיין גָאט,
אונד אִיהְם דֶערְצָארְנֶען:
26 אַזױ מַאךְ אִיךְ הֵיינְט דֶען הִימֶעל
אונד דיא עֶרְד קֶעגֶען אֵייךְ עֵדוּת
זָאגֶען, אַז אִיהְר װֶעט גֶעװִיס גֶעשְׁװִינְד
פֶערְלוירֶען װֶערֶען פון דֶעם לַאנְד װָאס
אִיהְר דָארְט אִיבֶּערְפָאהרְט אִיבֶּער דֶעם
יַרְדֵן עֶס צו יַרְשְׁנֶען; אִיהְר װֶעט נִיט
דַארױף אֵייעֶרֶע טֶעג פֶערְלֶענְגֶערְן,
נֵייעֶרְט אִיהְר װֶעט גֶעװִיס פֶערְטִילְגְט
װֶערֶען:
27 אונד גָאט װֶעט אֵייךְ פֶערְר־
שְׁפְּרֵייטֶען צְװִישֶׁען דיא פֶעלְקֶער, אונד
אִיהְר װֶעט אִיבֶּערבְּלֵייבֶּען װֵיינִיג אִין
דֶער צָאל אונְטֶער דיא גוֹיִם אַװוּ
גָאט װֶעט אֵייךְ דָארְט אַהִין פִיהְרֶען:
28 אונד אִיהְר װֶעט דָארְט דִינֶען
אָפְּגֶעטֶער, דָאס װֶערְק פון מֶענְשֶׁען
הֶענְד, פון הָאלְץ אונד שְׁטֵיין, װָאס
קֶענֶען נִיט זֶעהֶען, נִיט הֶערֶען, אונד
נִיט עֶסֶען, אונד נִיט שְׁמֶעקֶען:
29 אונד װֶען אִיהְר װֶעט פון דָארְט
זוּכֶען דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אַזױ װֶעסְט
דוא אִיהְם גֶעפִינֶען, װֶען דוא װֶעסְט
אִיהְם זוּכֶען מִיט דֵיין גַאנְצֶען הַארְץ
אונד מִיט דֵיינֶער גַאנְצֶען זֶעלֶע:
30 װֶען דוא װֶעסְט בֶּעדְרֶענְגְט זֵיין,
אונד אַלֶע דיא דָאזִיגֶע זַאכֶען װֶעלֶען
דִיךְ עֶרְגְרֵייפֶען אִין דיא לֶעצְטֶע טֶעג,


אונד

אוּנְד דוּא װֶעסְט צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ
דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אוּנְד װֶעסְט
הֶערֶען צוּ זֵיין קוֹל
31 װָארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט אִיז אַ
בַּארְמְהֶערְצִיגֶער גָאט, עֶר װֶעט דִיךְ
נִיט שְׁלַאף מַאכֶען, אוּנְד עֶר װֶעט דִיךְ
נִיט פֶערְדַארְבֶּען; אוּנְד עֶר װֶעט נִיט
פֶערְגֶעסֶען דֶעם בְּרִית פוּן דֵיינֶע
עֶלְטֶערְן, װָאס עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעשְׁװָארֶען:
32 װָארִין, פְרֶעג דִיךְ נוּר נָאךְ אוֹיף
דִיא עֶרְשְׁטֶע טֶעג װָאס זֶענֶען גֶעװֶעזֶען
פַאר דִיר, פוּן דֶעם טָאג אָן װֶען גָאט
הָאט בֶּעשַׁאפֶען אַ מֶענְשׁ אוֹיף דֶער
עֶרְד, פוּן אֵיין עֶק פוּן דֶעם הִימֶעל
בִּיז צוּם אַנְדֶערְן עֶק פוּן דֶעם הִימֶעל,
אוֹיבּ עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אַזַא גְרוֹיסֶע
זַאךְ װִיא דָאס דָאזִיגֶע, אָדֶער אוֹיבּ
אַזָאלְכֶעס װִיא דָאס אִיז אַמָאל גֶעהֶערְט
גֶעװָארֶען?
33 הָאט דֶען אַ יְשׁוּם פָאלְק אַמָאל
גֶעהֶערְט אַז דָאס קוֹל פוּן גָאט זָאל
רֶעדֶען פוּן צְװִישֶׁען דֶעם פַייֶער, אַזוֹי
װִיא דוּא הָאסט עֶס גֶעהֶערְט, אוּנְד
דוּא בִּיזְט לֶעבֶּען גֶעבְּלִיבֶּען?
34 אָדֶער הָאט גָאט אַמָאל פֶערְזוּכְט
צוּ קוּמֶען, אוּם זִיךְ צוּ נֶעמֶען אַ
פָאלְק פוּן צְװִישֶׁען אַן אַנְדֶער פָאלְק,
מִיט נִסִים, אוּנְד מִיט צֵייכֶען, אוּנְד
מִיט װְאוּנְדֶער, אוּנְד מִיט מִלְחָמָה,
אוּנְד מִיט אַ שְׁטַארְקֶע הַאנְד, אוּנְד
מִיט אַן אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶען אָרֶעם, אוּנְד
מִיט גְרוֹיסֶע פָארְכְטֶען, אַלֶעס אַזוֹי
װִיא דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט צוּ
אֵייךְ גֶעטְהוּן אִין מִצְרַיִם, פַאר דֵיינֶע
אוֹיגֶען?
35 עֶס אִיז דִיר גֶעװִיזֶען גֶעװָארֶען,
אַז דוּא זָאלְסְט װִיסֶען אַז יְהוָה עֶר
אִיז גָאט, אוּנְד חוּץ אִיהְם אִיז נִיט
פֶערְהַאנְדֶען קֵיין אַנְדֶערֶער:
36 פוּן דֶעם הִימֶעל הָאט עֶר דִיךְ
גֶעלָאזְט הֶערֶען זֵיין קוֹל, אוּם דִיךְ צוּ
שְׁטְרָאפֶען, אוּנְד אוֹיף דֶער עֶרְד הָאט
עֶר דִיר גֶעװִיזֶען זֵיין גְרוֹיסֶעס פַייעֶר,
אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט זֵיינֶע רֵייד
פוּן צְװִישֶׁען דֶעם פַייעֶר:
37 דַארִיבֶּער װֵייל עֶר הָאט גֶעלִיבְּט
דֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
אוֹיסְדֶערְװֵיילְט זֵיינֶע קִינְדֶער נָאךְ
אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט דִיךְ אַרוֹיסְגֶע־
בְּרֶענְגְט פַאר זִיךְ מִיט זֵיין גְרוֹיסֶען
כֹּחַ אוֹיס מִצְרַיִם:
38 אוּם צוּ פֶערְטְרֵייבֶּען גְרֶעסֶערֶע
אוּנְד שְׁטַארְקֶערֶע פֶעלְקֶער פוּן דִיר פַאר
דֵיין פָּנִים, אוּנְד דִיךְ אַרֵיינְצוּבְּרֶענְגֶען,
אוּנְד דִיר צוּ גֶעבֶּען זֵייעֶר לַאנְד אַלְס אַ
נַחֲלָה, װִיא עֶס אִיז דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג:
39 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא הֵייטֶע װִיסֶען,
אוּנְד דוּא זָאלְסט װִידֶערְקֶערֶען צוּ דֵיין
הַארְץ, אַז יְהֹוָה, עֶר אִיז דֶער גָאט
אִים הִימֶעל פוּן אוֹיבֶּען, אוּנְד אוֹיף
דֶער עֶרְד פוּן אוּנְטֶען, עֶס אִיז קֵיין
אַנְדֶערֶער פֶערְהַאנְדֶען:
40 אוּנְד דוּא זָאלְסט הִיטֶען זֵיינֶע
גֶעזֶעצֶע אוּנְד זֵיינֶע מִצְוֹת, װָאס אִיךְ
גֶעבִּיט דִיר הֵיינְט, אַז עֶס זָאל דִיר
גוּט זֵיין, אוּנְד צוּ דֵיינֶע קִינְדֶער נָאךְ
דִיר, אוּנְד אַז דֵיינֶע טֶעג זָאלֶען פֶערְ־
לֶענְגֶערְט װֶערֶען אוֹיף דֶעם לַאנְד װָאס
דֶער הַאר דֵיין גָאט װֶעט דִיר גֶעבֶּען
אוֹיף אַלֶע צֵייטֶען:
41 דֶענְסְטְמָאל הָאט מֹשֶׁה אָפְּגֶעשֵׁייט
דְרֵייא שְׁטֶעט אַן דִיזֶער זֵייט פוּן יַרְדֵן,
װְאוּ דִיא זוּן גֵייט אוֹיף:

42 אַז דֶער רוֹצֵחַ זָאל דָארְט אַהִין
אֶנְטְלוֹיפֶען, דֶער וָואס וֶועט הַרְגֶענֶען
זַיין גֶעזֶעלֶען אָהְן וִויסֶענְשַׁאפְט, אוּנְד
עֶר אִיז אִיהְם נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין שׂוֹנֵא
פוּן נֶעכְטֶען אָדֶער אֵייעֶרְנֶעכְטֶען, אַז
עֶר זָאל אֶנְטְלוֹיפֶען צוּ אֵיינֶע פוּן דִיא
דָאזִיגֶע שְׁטֶעט, אוּנְד עֶר זָאל לֶעבֶּען
בְּלֵייבֶּען:
43 בֶּצֶר אִין דֶער מִדְבָּר, אִין דֶעם
לַאנְד פוּן דֶעם פְּלוֹין, וָואס גֶעהֶערְט
צוּ רְאוּבֵן; אוּנְד רָאמוֹת אִין גִלְעָד,
וָואס גֶעהֶערְט צוּ גָד; אוּנְד גוֹלָן אִין
בָּשָׁן, וָואס גֶעהֶערְט צוּ מְנַשֶּׁה:
44 אוּנְד דָאס אִיז דִיא תּוֹרָה וָואס
מֹשֶׁה הָאט פָארְגֶעלֵייגְט פַאר דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:
45 דָאס זֶענֶען דִיא צֵייגֶענִיסֶע אוּנְד
דִיא גֶעזֶעץ אוּנְד דִיא מִשְׁפָּטִים וָואס
מֹשֶׁה הָאט גֶערֶעט צוּ דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אוֹיס מִצְרַיִם:
46 אִין דִיזֶער זַייט יַרְדֵן, אִין דֶעם
טָאל, קֶעגֶען אִיבֶּער בֵּית פְּעוֹר, אִין
דֶעם לַאנְד פוּן סִיחוֹן קֶענִיג פוּן אֱמוֹרִי,
וָואס הָאט גֶעווֹאוֹינְט אִין חֶשְׁבּוֹן,
וֶועמֶען מֹשֶׁה אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען וֶוען זֵייא זֶענֶען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס מִצְרַיִם:
47 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעאַרְבְּט זַיין
לַאנְד, אוּנְד דָאס לַאנְד פוּן עוֹג קֶענִיג
פוּן בָּשָׁן, דִיא צְווַייא מְלָכִים פוּן דֶעם
אֱמוֹרִי וָואס אִיז אוֹיף יֶענֶער זַייט יַרְדֵן,
וְואוּ דִיא זוּן גֵייט אוֹיף:
48 פוּן עֲרוֹעֵר, וָואס אִיז בֵּייא דֶעם
בָּארְטֶען פוּן דֶעם טֵייךְ אַרְנוֹן אוּנְד
בִּיז צוּם בַּארְג שִׂיאוֹן, דָאס אִיז חֶרְמוֹן:
49 אוּנְד דֶעם גַאנְצֶען פְּלוֹין פוּן
דִיזֶער זַייט יַרְדֵן, קֶעגֶען מִזְרָח זַייט,
אוּנְד בִּיז צוּם יָם פוּן דֶעם פְּלוֹין
אוּנְטֶער דִיא אוֹיסְגִיסוּנְג פוּן דִיא הֵייךְ:

קאפיטעל ה

1 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערוּפֶען צוּ גַאנְץ
יִשְׂרָאֵל אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
הֶערְט צוּ יִשְׂרָאֵל, דִיא גֶעזֶעץ אוּנְד
דִיא מִשְׁפָּטִים וָואס אִיךְ רֶעד הֵיינְט
אִין אֵירֶע אוֹירֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט
זֵייא לֶערְנֶען אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא
הִיטֶען אוּנְד טְהוּן:
2 דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט הָאט מִיט
אוּנְס כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען אִין חוֹרֵב:
3 נִיט מִיט אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן אַלֵיין
הָאט גָאט גֶעמַאכְט דֶעם דָאזִיגֶען
בְּרִית, נֵייעֶרְט מִיט אוּנְס, מִיר, דִיא
דָאזִיגֶע וָואס זֶענֶען הֵיינְט דָא; מִיט
אוּנְס אַלֶע וָואס לֶעבֶּען:
4 גָאט הָאט מִיט אֵייךְ גֶערֶעט פָּנִים
אֶל פָּנִים אוֹיף דֶעם בַּארְג פוּן צְווִישֶׁען
דֶעם פֵייעֶר—:
5 אִיךְ בִּין גֶעשְׁטַאנֶען צְווִישֶׁען גָאט
אוּנְד אֵייךְ, אִין דֶערְזֶעלְבִּיגֶער צַייט,
אוּם אֵייךְ צוּ זָאגְען דָאס וָוארְט פוּן
גָאט, וָוארִין אִיהְר הָאט אֵייךְ גֶע־
פָארְכְטֶען פַאר דֶעם פֵייעֶר, אוּנְד
אִיהְר זֶענְט נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף
דֶעם בַּארְג,—אַזוֹי צוּ זָאגֶען
6 אִיךְ בִּין דֶער הַאר דֵיין גָאט, וָואס
הָאט דִיךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם, פוּן דֶעם הוֹיז פוּן
קְנֶעכְט:
7 עֶס זָאלֶען צוּ דִיר נִיט זַיין קֵיינֶע
אַנְדֶערֶע גֶעטֶער פַאר מֵיין אָנְגֶעזִיכְט:
8 דוּא זָאלְסְט דִיר נִיט מַאכֶען קֵיין
גֶעהוֹיעֶנֶעם בִּילְד, קֵיין שׁוּם גְלֵייכְנִיס,
וָואס אִיז אוֹיבֶּען אִין דֶעם הִימֶעל

אָדֶער אוּנְטֶען אויף דֶער עֶרְד, אוּנְד
וָואס אִיז אִים וַואסֶער אוּנְטֶער דֶער
עֶרְד :
9 דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט צוּ זֵייא בִּיקֶען
אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא נִיט דִינֶען,
וָוארִין אִיךְ בִּין דֶער הַאר דֵיין גָאט
וָואס אִיז זִיךְ נוֹקֵם, אוּנְד טְהוּט גֶע־
דֶענְקֶען דִיא זִינְד פוּן דִיא עֶלְטֶערְן
אויף דִיא קִינְדֶער, אוּנְד בִּיז צוּם
דְרִיטֶען אוּנְד פִירְטֶען גֶעשְׁלֶעכְט צוּ
דִיא וָואס הָאבֶּען מִיךְ פֵיינְד :
10 אוּנְד וָואס טְהוּט גְנָאד צוּ טויז־
זֶענְדֶע וָואס לִיבֶּען מִיךְ, אוּנְד הִיטֶען
מֵיינֶע מִצְוֹת :
11 דוּא זָאלְסְט נִיט אויפְנֶעמֶען
(שְׁוֶוערֶען בֵּייא) דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם
הַאר גָאט צוּ פַאלְשְׁקֵייט, וָוארִין גָאט
וָועט נִיט אוּנְשׁוּלְדִיג לָאזֶען דֶעם וָואס
שְׁוֶוערְט פַאלְשׁ בֵּייא זֵיין נָאמֶען :
12 דוּא זָאלְסְט הִיטֶען דֶעם טָאג פוּן
שַׁבָּת אוּם אִיהְן צוּ הֵיילִיגֶען, אַזוֹי וִויא
דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיר גֶעבָּאטֶען :
13 זֶעכְּס טֶעג זָאלְסְט דוּא אַרְבֵּייטֶען,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן אַלֶע דֵיינֶע
מְלָאכוֹת :
14 אוּנְד דֶער זִיבֶּעטֶער טָאג זָאל זֵיין
שַׁבָּת צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט, דוּא
זָאלְסְט נִיט טְהוּן קֵיין שׁוּם מְלָאכָה,
(נִיט) דוּא, אוּנְד דֵיין זוּהְן אוּנְד דֵיינֶע
טָאכְטֶער, דֵיין קְנֶעכְט אוּנְד דֵיינֶע
דִינְסְט מֵייד, דֵיין אָקְס אוּנְד דֵיין
אֵייזֶעל, אוּנְד (קֵיינֶע פוּן) דֵיינֶע בְּהֵמוֹת,
אוּנְד דֶער גֵר וָואס אִיז אִין דֵיינֶע
טוירֶען, אַז דֵיין קְנֶעכְט אוּנְד דֵיינֶע
דִינְסְט מֵייד זָאל רוּהֶען אַזוֹי וִויא דוּא ;
15 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעדֶענְקֶען אַז
דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אַ קְנֶעכְט אִין דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד דֶער הַאר דֵיין
גָאט הָאט דִיךְ פוּן דָארְטֶען אַרויסְ־
גֶעצוֹיגֶען מִיט אַ שְׁטַארְקֶע הַאנְד אוּנְד
מִיט אַן אויסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶען אָרֶעם,
דַארוּם הָאט דֶער הַאר דֵיין גָאט דִיר
גֶעבָּאטֶען צוּ הַאלְטֶען דֶעם טָאג פוּן
שַׁבָּת :
16 דוּא זָאלְסְט עֶהְרֶען (בְּכָבוֹד
הַאלְטֶען) דֵיין פָאטֶער אוּנְד דֵיינֶע
מוּטֶער, אַזוֹי וִויא דֶער הַאר דֵיין גָאט
הָאט דִיר גֶעבָּאטֶען, אַז דֵיינֶע טֶעג
זָאלֶען זִיךְ דֶערְלֶענְגֶערְן, אוּנְד עֶס זָאל
דִיר גוּט זֵיין אויף דֶעם לַאנְד וָואס
דֶער הַאר דֵיין גָאט וָועט דִיר גֶעבֶּען :
17 דוּא זָאלְסְט נִיט מָארְדֶען ; אוּנְד
דוּא זָאלְסְט נִיט מְזַנֶה זֵיין ; אוּנְד דוּא
זָאלְסְט נִיט גַנְבְנֶען ; אוּנְד דוּא זָאלְסְט
נִיט פַאלְשׁ עֵדוּת זָאגֶען אויף דֵיין חַבֵר :
18 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט גְלוּסְטֶען
דָאס ווייבּ פוּן דֵיין חַבֵר ; אוּנְד דוּא
זָאלְסְט נִיט גְלוּסְטֶען דָאס הויז פוּן
דֵיין חַבֵר, זֵיין פֶעלְד, אָדֶער זֵיין
קְנֶעכְט, אָדֶער זֵיין דִינְסְט מֵייד, זֵיין
אָקְס אָדֶער זֵיין אֵייזֶעל, אוּנְד אַלֶעס
וָואס גֶעהֶערְט צוּ דֵיין חַבֵר :
19 דִיא דָאזִיגֶע רֵייד הָאט גָאט
גֶערֶעט צוּ אַלֶע אֵיירֶע פֶערְזַאמְלוּנְג
אויף דֶעם בַּארְג, פוּן צְווִישֶׁען דֶעם
פֵייעֶר, דֶעם וָואלְקֶען אוּנְד פוּן דֶעם
נֶעבֶּעל מִיט אַ גְרוֹיס קוֹל, אוּנְד עֶס
הָאט נִיט אויפְגֶעהֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט
זֵייא אויפְגֶעשְׁרִיבֶּען אויף צְווֵייא
שְׁטֵיינֶערְנֶע טָאפֶעלְן, אוּנְד עֶר הָאט
זֵייא גֶעגֶעבֶּען צוּ מִיר :
20 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען ווען אִיהְר
הָאט גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן צְווִישֶׁען
דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד דֶער בַּארְג



האט

הָאט גֶעבְּרֶענְט מִיט פֵֿייעֶר, אַזוֹי הָאבֶּען
זִיךְ גֶענֶעהנְט צוּ מִיר אַלֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע
פֿוּן אֵיירֶע שְׁבָטִים אוּנְד אֵיירֶע עֶלְצְטֶע:
21 אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה,
דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט הָאט אוּנְס
גֶעווִיזֶען זַיינֶע הֶערְלִיכְקַייט אוּנְד זַיינֶע
גְרוֹיסְקַייט, אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט
זַיין קוֹל פוּן צְווִישֶׁען דֶעם פֵֿייעֶר, דֶעם
דָאזִיגֶען טָאג הָאבֶּען מִיר גֶעזֶעהֶען אַז
גָאט רֶעט מִיט אַ מֶענְשׁ אוּנְד עֶר
לֶעבְּט:
22 אָבֶּער אַצוּנְד פַֿאר וָואס זָאלֶען
מִיר שְׁטַארְבֶּען? וָוארִין דָאס גְרוֹיסֶע
פֵֿייעֶר וֶועט אוּנְס פֶֿערְבְּרֶענֶען, וֶוען
מִיר וֶועלֶען נָאךְ מֶעהְר הֶערֶען דָאס
קוֹל פוּן דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט אַזוֹי
וֶועלֶען מִיר שְׁטַארְבֶּען:
23 וָוארִין, וֶוער אִיז דֶען פֶֿערְהַאנְדֶען
פוּן אַלֶע בֶּעשֶׁעפֶֿענִים וָואס הָאט
גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען
גָאט רֶעדֶען פוּן צְווִישֶׁען דֶעם פֵֿייעֶר
אַזוֹי וִויא מִיר אוּנְד אִיז לֶעבֶּעדִיג
גֶעבְּלִיבֶּען?
24 גֶענֶעהְן דוּא דִיךְ, אוּנְד הֶער
אַלֶעס וָואס דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט
וֶועט זָאגֶען, אוּנְד רֶעד דוּא צוּ אוּנְס
אַלֶעס דָאס וָואס דֶער הַאר אוּנְזֶער
גָאט וֶועט צוּ דִיר רֶעדֶען, אוּנְד מִיר
וֶועלֶען עֶס הֶערֶען אוּנְד טְהוּן:
25 אוּנְד גָאט הָאט גֶעהֶערְט דָאס
קוֹל פוּן אֵיירֶע וֶוערְטֶער וֶוען אִיהְר
הָאט צוּ מִיר גֶערֶעט, אוּנְד גָאט הָאט
צוּ מִיר גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט
דָאס קוֹל פוּן דֶעם דָאזִיגֶען פָֿאלְק וָואס
זַייא הָאבֶּען צוּ דִיר גֶערֶעט, עֶס אִיז
גוּט אַלֶעס וָואס זַייא הָאבֶּען גֶערֶעט:
26 הַלְוַאי עֶס וָואלְט גֶעוֶועזֶען צוּ זַייא

אַ זָאלְבֶּעס הַארְץ אוּם מִיךְ צוּ
פָֿארְכְטֶען, אוּנְד צוּ הִיטֶען אַלֶע מַיינֶע
מִצְוֹת אַלֶע טֶעג, אַז עֶס זָאל זַיין גוּט
צוּ זַייא אוּנְד צוּ זַיירֶע קִינְדֶער אוֹיף
אֵייבִּיג:
27 גֵייא, אוּנְד זָאג צוּ זַייא, קֶעהְרְט
אֵייךְ ווִידֶער צוּ אֵיירֶע גֶעצֶעלְטֶען:
28 אָבֶּער דוּא בְּלֵייבּ דָא שְׁטֵיין בֵּייא
מִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ דִיר רֶעדֶען
אַלֶע מִצְוֹת אוּנְד דִיא גֶעזֶעצֶע אוּנְד דִיא
מִשְׁפָּטִים וָואס דוּא זָאלְסְט זַייא לֶערְנֶען,
אַז זַייא זָאלֶען עֶס טְהוּן אִין דֶעם
לַאנְד וָואס אִיךְ גֶעבּ צוּ זַייא אַלְס אַן
עֶרְבְּטֵייל:
29 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען צוּ טְהוּן
אַזוֹי וִויא דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט
אֵייךְ גֶעבָּאטֶען; אִיהְר זָאלְט נִיט
אָפְּקֶעהְרֶען אִין דֶער רֶעכְטֶער זַייט
אָדֶער אִין דֶער לִינְקֶער זַייט:
30 אִין דֶעם גַאנְצֶען וֶועג וָואס דֶער
הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט אֵייךְ גֶעבָּאטֶען
זָאלְט אִיהְר גֵיין, אַז אִיהְר זָאלְט
לֶעבֶּען, אוּנְד עֶס זָאל אֵייךְ גוּט זַיין,
אוּנְד אַז אִיהְר זָאלְט דֶערְלֶענְגֶערְן דִיא
טֶעג אִין דֶעם לַאנְד וָואס אִיהְר וֶועט
יַרְשְׁנְ'ן:

## קאפיטעל ו

1 אוּנְד דָאס אִיז דִיא מִצְוָה אוּנְד דִיא
גֶעזֶעצֶע אוּנְד דִיא מִשְׁפָּטִים. וָואס דֶער
הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען אֵייךְ
צוּ לֶערְנֶען, צוּ טְהוּן אִין דֶעם לַאנְד
וָואס אִיהְר דָארְט אַרִיבֶּערְגֵייט אוּם
עֶס צוּ יַרְשְׁנְ'ן:
2 אַז דוּא זָאלְסְט פָֿארְכְטֶען דֶעם הַאר
דֵיין גָאט, אוּם צוּ הִיטֶען אַלֶע זַיינֶע
גֶעזֶעצֶע אוּנְד זַיינֶע מִצְוֹת, וָואס אִיךְ
הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען, דוּא אוּנְד דֵיין

זוּהְן אוּנְד דֵיין זוּהְנ'ס זוּהְן אַלֶע דֵיינֶע
לֶעבֶּענְ'ס טֶעג, אַז דֵיינֶע טֶעג זָאלֶען
דִיךְ דֶערלֶענְגֶערְן:
3 אוּנְד דוּא יִשְׂרָאֵל, זָאלְסְט הֶערֶען,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט הִיטֶען עֶס צוּ טְהוּן,
אַז עֶס זָאל דִיר גוּט זַיין אוּנְד אַז דוּא
זָאלְסְט דִיךְ זֶעהְר פֶערְמֶעהְרֶען, אַזוֹי
וִויא דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן דֵיינֶע
עֶלְטֶערְן הָאט גֶערֶעט, (אוּנְד צוּ
גֶעזָאגְט) אַ לַאנְד וָואס פְלִיסְט מִיט
מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג:
4 הֶער יִשְׂרָאֵל, יְהוָֹה אוּנְזֶער גָאט
אִיז יְהוָֹה אֵיינֶער:
5 אוּנְד דוּא זָאלְסְט לִיבֶּען דֶעם הַאר
דֵיין גָאט מִיט דֵיין גַאנְצֶען הַארְץ,
אוּנְד מִיט דֵיינֶער גַאנְצֶען זֶעלֶע אוּנְד
מִיט דֵיין גַאנְצֶען פֶערְמֶעגֶען:
6 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער וָואס
אִיךְ טְהוּא דִיר הַייטֶע גֶעבִּיטֶען, זָאלֶען
זַיין אוֹיף דֵיין הַארְץ:
7 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַייא לֶערְנֶען צוּ
דֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיבֶּער
זַייא רֶעדֶען וֶוען דוּא זִיצְט אִין דֵיין
הוֹיז, אוּנְד וֶוען דוּא גֵייסְט אוֹיף דֶעם
וֶועג, אוּנְד וֶוען דוּא לֵייגְסְט דִיךְ אוּנְד
וֶוען דוּא שְׁטֵייסְט אוֹיף:
8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַייא בִּינְדֶען אַלְס
אַ צֵייכֶען אוֹיף דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד זַייא
זָאלֶען זַיין אַלְס אַ צִירוּנְג צְווִישֶׁען
דֵיינֶע אוֹיגֶען:
9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַייא אוֹיפְשְׁרֵייבֶּען
אוֹיף דִיא בֵּיישְׁטִידֶעלְן פוּן דֵיין הוֹיז
אוּנְד דֵיינֶע טוֹיעֶרְן:
10 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וֶוען יְהוָֹה דֵיין
גָאט וֶועט דִיךְ אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען אִין דֶעם
לַאנְד וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ
גֶעבֶּען צוּ דֵיינֶע עֶלְטֶערְן, צוּ אַבְרָהָם,
צוּ יִצְחָק אוּנְד צוּ יַעֲקֹב, צוּ דִיר צוּ
גֶעבֶּען גְרוֹיסֶע אוּנְד גוּטֶע שְׁטֶעט, וָואס
דוּא הָאסְט נִיט גֶעבּוֹיעֶט:
11 אוּנְד הֵייזֶער פוּל מִיט גוּטֶעס
וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט נִיט אָנְגֶעפִילְט,
אוּנְד אוֹיסְגֶעהַאקְטֶע בְּרוּנֶעס וָואס דוּא
הָאסְט זַייא נִיט אוֹיסְגֶעהַאקְט, ווייַנ־
גֶערְטֶען אוּנְד אֵיילְבֶּערְטֶען וָואס דוּא
הָאסְט נִיט גֶעפְּלַאנְצְט; אוּנְד וֶוען דוּא
וֶועסְט עֶסֶען אוּנְד זַאט וֶוערֶען:
12 זָאלְסְט דוּא דִיךְ הִיטֶען אַז דוּא
זָאלְסְט נִיט פֶערְגֶעסֶען אַן גָאט וָואס
הָאט דִיךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם, אוֹיס דֶעם דִינְסְט הוֹיז:
13 דֶעם הַאר דֵיין גָאט זָאלְסְט דוּא
פָארְכְטֶען, אוּנְד אִיהְם זָאלְסְט דוּא
דִינֶען, אוּנְד בֵּייא זַיין נָאמֶען זָאלְסְט
דוּא שְׁווֶערֶען:
14 אִיהְר זָאלְט נִיט נָאכְגֵיין נָאךְ
פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, פוּן דִיא גֶעטֶער פוּן דִיא
פֶעלְקֶער וָואס וֶוענֶען רִינְגְס אַרוּם אֵייךְ:
15 וָוארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט אִיז אַן
אֵייפֶערִיגֶער גָאט צְווִישֶׁען דִיר, טָאמֶער
וֶועט דֶער צָארְן פוּן דֶעם הַאר דֵיין
גָאט עֶרגְרִימֶען קֶעגֶען דִיר אוּנְד עֶר
וֶועט דִיךְ פֶערְטִילְגֶען פוּן דֶעם לַאנְד:
16 אִיהְר זָאלְט נִיט פְּרִיפֶען דֶעם
הַאר אֵייעֶר גָאט, אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט
אִיהְם גֶעפְּרִיפְט אִין מַסָּה:
17 אִיהְר זָאלְט הִיטֶען דִיא מִצְוֹת פוּן
דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט, אוּנְד זַיינֶע
צֵייגְנִיסֶע אוּנְד זַיינֶע גֶעזֶעץ וָואס עֶר
הָאט דִיר גֶעבָּאטֶען:
18 אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן וָואס אִיז
רֶעכְט אוּנְד גוּט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן
גָאט, אַז עֶס זָאל דִיר זַיין גוּט, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט אַרֵיין קוּמֶען אוּנְד יַרְשְׁנֶ'ן

דָאס גוּטֶע לַאנְד וָואס גָאט הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ דֵיינֶע עֶלְטֶערְן׃

19 צוּ פֶערְיָאגֶען דֵיינֶע פֵיינְד פַאר דִיר, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט צוּגֶעזָאגְט׃

20 וֶוען דֵיין זוּהְן וֶועט דִיךְ מָארְגֶען פְרֶעגֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וָואס זֶענֶען דִיא צֵיינְגְנִים, אוּנְד דִיא גֶעזֶעץ, אוּנְד דִיא רֶעכְטֶע וָואס דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט הָאט אֵייךְ גֶעבָּאטֶען׃

21 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זָאגֶען צוּ דֵיין זוּהְן׃ — מִיר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען קְנֶעכְט צוּ פַּרְעֹה אִין מִצְרַיִם, אוּנְד גָאט הָאט אוּנְס אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען פוּן מִצְרַיִם מִיט אַ שְׁטַארְקֶע הַאנְד׃

22 אוּנְד גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען גְרוֹיסֶע אוּנְד פָארְכְטֶערְלִיכֶע צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער אַן מִצְרַיִם, אַן פַּרְעֹה, אוּנְד אַן זֵיין גַאנְץ הוֹיזְגֶעזִינְד פַאר אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען׃

23 אוּנְד אוּנְס הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דָארְטֶען, אַז עֶר זָאל אוּנְס אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען אוּם אוּנְס צוּ גֶעבֶּען דָאס לַאנְד וָואס עֶר הָאט צוּגֶעשְׁוָוארֶען צוּ אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן׃

24 אוּנְד גָאט הָאט אוּנְס גֶעבָּאטֶען צוּ טְהוּן אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע גֶעזֶעץ, אַז מִיר זָאלֶען פָארְכְטֶען דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט, אַז עֶס זָאל אוּנְס גוּט זֵיין אַלֶע טֶעג, אוּנְס צוּ לָאזֶען לֶעבֶּען אַזוֹי וִויא דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃

25 וָוארִין עֶס וֶועט זֵיין אוּנְזֶערֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וֶוען מִיר וֶועלֶען הִיטֶען צוּ טְהוּן אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע מִצְוֹת פַאר דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט אַזוֹי וִויא עֶר הָאט אוּנְס גֶעבָּאטֶען׃

קאפיטעל ז

1 וֶוען דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיךְ אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם לַאנְד אַוְואוּ דוּא גֵייסְט אַהִין עֶס צוּ יַרְשְׁנְ'ן, אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען פִיל פֶעלְקֶער פָאר דִיר, דֶעם חִתִּי, אוּנְד דֶעם גִרְגָשִׁי, אוּנְד דֶעם אֱמֹרִי, אוּנְד דֶעם כְּנַעֲנִי, אוּנְד דֶעם פְּרִזִּי, אוּנְד דֶעם חִוִּי, אוּנְד דֶעם יְבוּסִי, זִיבֶּען פֶעלְקֶער גְרֶעסֶערֶע אוּנְד שְׁטַארְקֶערֶע פוּן דִיר׃

2 אוּנְד וֶוען דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט זֵייא פַאר דִיר גֶעבֶּען, אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵייא שְׁלָאגֶען, אוּנְד וֶועסְט זֵייא גַאנְץ מַחְרִים זֵיין, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נִיט קֵיין בְּרִית מִיט זֵייא מַאכֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט אִיבֶּער זֵייא דֶערְבַּארְמֶען׃

3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט מִיט זֵייא מְחַתְּנִים וֶוערֶען, דֵיינֶע טָאכְטֶער זָאלְסְט דוּא נִיט גֶעבֶּען צוּ זֵיין זוּהְן, אוּנְד זֵיינֶע טָאכְטֶער זָאלְסְט דוּא נִיט נֶעמֶען צוּ דֵיין זוּהְן׃

4 וָוארִין עֶר וֶועט מַאכֶען דֵיין זוּהְן אָפְּקֶעהְרֶען פוּן מִיר, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דִינֶען פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, אוּנְד דֶער צָארְן פוּן גָאט וֶועט אִיבֶּער אֵייךְ עֶרְגְרִימֶען, אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ בַּאלְד פֶערְטִילְגֶען׃

5 נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט אַזוֹי צוּ זֵייא טְהוּן, זֵייעֶרֶע מִזְבְּחוֹת זָאלְט אִיהְר צוּשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע מַצֵּבוֹת זָאלְט אִיהְר צוּבְּרֶעכֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע לִינְדֶענְ־בֵּיימֶער זָאלְט אִיהְר אָפְּשְׁנֵיידֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע גֶעצֶענְבִּילְדֶער זָאלְט אִיהְר פֶערְבְּרֶענֶען אִים פֵייעֶר׃

6 וָוארִין דוּא בִּיזְט אַ הֵיילִיג פָאלְק צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט, דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיךְ אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְט צוּ אִיהְם צוּ זֵיין אַ גֶעלִיבְּטֶעס פָאלְק, פוּן

אַלֶע פֶעלְקֶער וָואס זֶענֶען אויף דֶער עֶרְד :

7 נִיט מַחֲמַת אִיהְר זַייט מֶעהְר פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער הָאט גָאט אַן אֵייךְ גֶעגְלוּסְט, אַז עֶר הָאט אֵייךְ אויסְדֶערְ־ווֶיילְט ; וָוארִין אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען דִיא ווֶיינִיגְסְטֶע פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער :

8 נֵייעֶרְט ווֶייל גָאט הָאט אֵייךְ לִיבּ, אוּנְד ווֶייל עֶר ווִיל הַאלְטֶען דִיא שְׁבוּעָה וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן הָאט עֶר אֵייךְ אַרוֹיסְ־גֶעבְּרַאכְט מִיט אַ שְׁטַארְקֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט דִיךְ אויסְגֶעלֵייזְט אויס דֶעם דִינְסְטְהויז, פוּן דֶער הַאנְד פוּן פַּרְעה דֶער מֶלֶךְ פוּן מִצְרַיִם :

9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט ווִיסֶען אַז יְהוָֹה דֵיין גָאט עֶר אִיז דֶער (רֶעכְטֶער) גָאט, דֶער גֶעטְרֵייעֶר גָאט, עֶר הַאלְט דֶעם בְּרִית, אוּנְד דִיא גְנָאד צוּ דִיא וָואס לִיבֶּען אִיהְם, אוּנְד צוּ דִיא וָואס הִיטֶען זֵיינֶע מִצְוֹת, בִּיז צוּ טוֹיזֶענְד דוֹרוֹת :

10 אָבֶּער עֶר בֶּעצָאלְט צוּ זֵיינֶע פֵיינְד פַאר זֵיין פָּנִים כְּדֵי עֶר זָאל אִיהְם פֶערְטִילְגֶען, עֶר זוֹימְט זִיךְ נִיט זֵיין פֵיינְד צוּ בֶּעצָאלֶען פַאר זֵיין פָּנִים :

11 דַארוּם זָאלְסְט דוּא הִיטֶען דִיא גֶעבָּאט, אוּנְד דִיא גֶעזֶעץ, אוּנְד דִיא מִשְׁפָּטִים וָואס אִיךְ טְהוּא דִיר הֵיינְט גֶעבִּיטֶען אַז דוּא זָאלְסְט זֵייא טְהוּן :

עקב

12 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין דֶערְווֵייל אִיהְר וֶועט צוּ הֶערֶען צוּ דִיא דָאזִיגֶע מִשְׁפָּטִים, אוּנְד אִיהְר וֶועט זֵייא טְהוּן, אַזוֹי וֶועט דֶער הַאר דֵיין גָאט צוּ דִיר הַאלְטֶען דֶעם בְּרִית אוּנְד דִיא גְנָאד וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ דֵיינֶע עֶלְטֶערְן :

13 אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ לִיבֶּען אוּנְד דִיךְ פֶערְמֶעהְרֶען, אוּנְד עֶר וֶועט בֶּענְשֶׁען דִיא פְרוּכְט פוּן דֵיין בּוֹיךְ, אוּנְד דִיא פְרוּכְט פוּן דֵיין לַאנְד ; דֵיין קָארְן אוּנְד דֵיין ווַיין, אוּנְד דֵיין אֵיילְבֶּערְט ; דִיא פֶערְוַוארְפוּנְג פוּן דֵיינֶע רִינְדֶער, אוּנְד דִיא סְטַאדֶעס פוּן דֵיינֶע שָׁאף, אויף דֶעם לַאנְד וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ דֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אַז עֶר זָאל עֶס צוּ דִיר גֶעבֶּען :

14 דוּא וֶועסְט זֵיין (מֶעהְר) גֶעבֶּענְשְׁט פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער, עֶס וֶועט נִיט זֵיין בֵּייא דִיר קֵיין עָקָר אוּנְד קֵיינֶע עֲקָרָה (אוּמְפְרוּכְטבַּארֶע), אויךְ נִיט צְווִישֶׁען דֵיינֶע בְּהֵמוֹת :

15 אוּנְד גָאט וֶועט פוּן דִיר אָפְּטְהוּן אַלֶערְלֵייא קְרַאנְקְהֵייט, אוּנְד אַלֶערְלֵייא שְׁלֶעכְטֶע ווֵייטָאג וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין מִצְרַיִם, וָואס דוּא ווֵייסְט זֵייא ; עֶר וֶועט זֵייא נִיט אויף דִיר טְהוּן, נֵייעֶרְט עֶר וֶועט זֵייא גֶעבֶּען אַן אַלֶע דֵיינֶע פֵיינְדֶע :

16 אוּנְד דוּא וֶועסְט פֶערְצֶעהְרֶען—פֶערְדַארְבֶּען—דִיא אַלֶע פֶעלְקֶער וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען, דֵיין אוֹיג זָאל זִיךְ נִיט דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער זֵייא, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט דִינֶען זֵיירֶע אָפְּגֶעטֶער, וָוארִין עֶס וֶועט צוּ דִיר זֵיין אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג :

17 וֶוען דוּא וֶועסְט זָאגֶען אִין דֵיין הַארְץ, דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער זֶענֶען מֶעהְר פוּן מִיר, ווִיא אַזוֹי וֶועל אִיךְ זֵייא קֶענֶען פֶערְטְרֵייבֶּען ?

18 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט פַאר זֵייא פָּארְכְטֶען, דוּא זָאלְסְט זִיכֶער גֶעדֶענְקֶען וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט גֶעטְהוּן צוּ פַּרְעה אוּנְד צוּ גַאנְץ מִצְרַיִם :

19 דִיא גְרוֹיסֶע פְּרוּבֶען וָואס דֵיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, אוּנְד דִיא צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער, אוּנְד דִיא שְׁטַארְקֶע הַאנְד, אוּנְד דֶעם אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶען אָרֶעם מִיט וֶועלְכֶען דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיךְ אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, גְרָאד אַזוֹי וֶועט דֶער הַאר דֵיין גָאט טְהוּן צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער וָואס דוּא הָאסְט פַאר זֵייא מוֹרָא:

20 אוּנְד דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט (אוֹיךְ צוּ זֵייא) שִׁיקֶען דִיא בִּיעֶן בִּיז עֶס וֶועלֶען פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען דִיא וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אוּנְד זֶענֶען פֶערְבָּארְגֶען פוּן פַאר דִיר:

21 דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט דֶערשְׁרֶעקֶען פַאר זֵייא, וָוארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט וָואס אִיז צְווִישֶׁען דִיר אִיז אַ גְרוֹיסֶער אוּנְד פָארְכְטֶערלִיכֶער גָאט:

22 אוּנְד דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט פֶערְוַוארְפֶען דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער פוּן פַאר דִיר בִּיסְלֶעךְ וַויְיז; דוּא קֶענְסְט זֵייא נִיט גֶעשְׁווִינְד פֶערְטִילְגֶען, וָוארִין טָאמֶער וֶועלֶען זִיךְ אוֹיף דִיר מֶעהְרֶען דִיא חַיּוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד:

23 נֵייעֶרְט דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט זֵייא פַאר דִיר אַהִינְגֶעבֶּען, אוּנְד עֶר וֶועט זֵייא פֶערְטִיְמֶעלְן מִיט אַ גְרוֹיסֶע פֶערְטֵימְלוּנְג, בִּיז זֵייא וֶועלֶען זֵיין פֶערְטִילֶעגְט:

24 אוּנְד עֶר וֶועט זֵייעֶרֶע מְלָכִים אִין דֵיינֶע הַאנְד גֶעבֶּען, אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵייעֶר נָאמֶען פֶערְטִילְגֶען פוּן אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל; קֵיין מַאן וֶועט פַאר דִיר בֶּעשְׁטֵיין קֶענֶען, בִּיז דוּא וֶועסְט זֵייא פֶערְטִילְגֶען:

25 דִיא גֶעצֶענְבִּילְדֶער פוּן זֵייעֶרֶע אָפְּגֶעטֶער זָאלְסְט דוּא פֶערְבְּרֶענֶען מִיט פֵייעֶר, דוּא זָאלְסְט נִיט גְלוּסְטֶען דָאס זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד וָואס אִיז אוֹיף זֵייא, דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט צוּ דִיר נֶעמֶען, טָאמֶער וֶועסְט דוּא דוּרְךְ דֶעם גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען, וָוארִין עֶס אִיז אַן אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט:

26 דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ נִיט אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען אַן אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט אִין דֵיין הוֹיז; אַז דוּא זָאלְסְט נִיט זֵיין אִין חֵרֶם גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא עֶס אִיז, דוּא זָאלְסְט עֶס אִים גַאנְצֶען פֶערְאָבְּשֵׁייעֶן, אוּנְד אִים גַאנְצֶען פֶערְאוּמְוֶוערְדִיגֶען, וָוארִין עֶס אִיז (אִין חֵרֶם) פֶערְפְלוּכְט:

## קאפיטעל ח

1 אַלֶע מִצְוֹת וָואס אִיךְ גֶעבִּיט דִיר הֵיינְט זָאלְט אִיהְר הִיטֶען צוּ טְהוּן, אַז אִיהְר זָאלְט לֶעבֶּען, אוּנְד זָאלְט אֵייךְ מֶעהְרֶען, אוּנְד אַרֵיינְקוּמֶען אוּנְד אַרְבֶּען דָאס לַאנְד וָואס גָאט הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן:

2 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעדֶענְקֶען דֶען גַאנְצֶען וֶועג וֶועלְכֶען דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיךְ גֶעפִיהְרְט דִיזֶע פֶערְצִיג יָאהְר אִין דֶער מִדְבָּר, אַז עֶר זָאל דִיךְ דֶערְמִיטִיגֶען, אוּם דִיךְ צוּ פְּרוּפֶען, אוּם צוּ וִויסֶען וָואס אִיז אִין דֵיין הַארְץ, אוֹיבּ דוּא וֶועסְט הִיטֶען זֵיינֶע מִצְוֹת אָדֶער נִיט:

3 אוּנְד עֶר הָאט דִיךְ גֶעדֶעמִיטִיגְט, אוּנְד הָאט דִיךְ גֶעלָאזְט הוּנְגֶערְן, אוּנְד עֶר הָאט דִיךְ גֶעשְׁפֵּייזְט מִיט מָן וָואס דוּא הָאסְט נִיט גֶעווּסְט (וָואס עֶס אִיז), אוּנְד דֵיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען אוֹיךְ נִיט גֶעווּסְט, אַז עֶר זָאל דִיךְ מַאכֶען וִויסֶען אַז דֶער מֶענְשׁ זָאל נִיט פוּן בְּרוֹיט אַלֵיין לֶעבֶּען נֵייעֶרְט פוּן אִיטְלִיכֶען

וָוארְט וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶעם מוֹיל פוּן גָאט, פוּן דֶעם זָאל דֶער מֶענְשׁ לֶעבֶּען

4 דֵיינֶע קְלֵיידֶער זֶענֶען נִיט פוּן אָפּ־דִיר אַלְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דֵיינֶע פִּיס זֶענֶען נִיט גֶעשְׁוָאלֶען גֶעוָוארֶען דִיזֶע פֶערְצִיג יָאהְר:

5 דוּא זָאלְסְט אָבֶּער ווִיסֶען אִין דֵיין הַארְץ, אַז אַזוֹי ווִיא אַ מַאן שְׁטְרָאפְט זֵיין זוּהְן, אַזוֹי טְהוּט דֶער הַאר דֵיין גָאט דִיךְ שְׁטְרָאפֶען:

6 דַארוּם זָאלְסְט דוּא הִיטֶען דִיא מִצְוֹת פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט, צוּ גֵיין אִין זֵיינֶע וֶועג אוּנְד אִיהְם צוּ פָארְכְטֶען:

7 וָוארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט בְּרֶענְגְט דִיךְ אַרֵיין אִין אַ גוּט לַאנְד, אַ לַאנְד פוּן וַואסֶער טֵייכֶען, אוּנְד בְּרוּנֶען אוּנְד אָפְּגְרוּנְדֶען וָואס גֵייעֶן אַרוֹיס פוּן טֶעלֶער אוּנְד פוּן בַּארְג:

8 אַ לַאנְד פוּן ווייץ, אוּנְד גֶערְשְׁט, אוּנְד ווֵיינְשְׁטָאק, אוּנְד פֵייגֶען, אוּנְד מִילְגְרוֹימֶען, אַ לַאנְד פוּן אֵיילְבֶּערְטֶען בּוֹימְאֵייל אוּנְד הָאנִיג:

9 אַ לַאנְד אִין וֶועלְכֶעם דוּא וֶועסְט עֶסֶען בְּרוֹיט נִיט מִיט קַארְגְהַייט, עֶס וֶועט דִיר דַארִינֶען גָארְנִיט פֶעהְלֶען, עֶס אִיז אַ לַאנְד וָואס אִיהְרֶע שְׁטֵיינֶער הָאט אֵייזֶען, אוּנְד פוּן אִיהְרֶע בֶּערְג קֶענְסְט דוּא אוֹיסְגְרוּבֶּען קוּפֶּער:

10 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט עֶסֶען, אוּנְד וֶועסְט זַאט וֶוערֶען אַזוֹי זָאלְסְט דוּא בֶּענְשֶׁען דֶעם הַאר דֵיין גָאט פַאר דֶעם גוּטֶען לַאנְד וָואס עֶר הָאט דִיר גֶעגֶעבֶּען:

11 הִיט דִיךְ, אַז דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְגֶעסֶען דֶעם הַאר דֵיין גָאט, צוּ הִיטֶען זֵיינֶע מִצְוֹת אוּנְד זֵיינֶע מִשְׁפָּטִים אוּנְד זֵיינֶע גֶעזֶעצֶע וָואס אִיךְ גֶעבִּיט דִיר הֵיינְט:

12 טָאמֶער, וֶוען דוּא וֶועסְט עֶסֶען אוּנְד זַאט וֶוערֶען, אוּנְד גוּטֶע הֵייזֶער בּוֹיעֶן אוּנְד אִין זֵייא וְואוֹינֶען:

13 אוּנְד דֵיינֶע רִינְדֶער אוּנְד שָׁאף וֶועלֶען זִיךְ פֶערְמֶעהְרֶען, אוּנְד דֵיין זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד וֶועט זִיךְ מֶעהְרֶען, אוּנְד אַלֶעס וָואס דוּא הָאסְט וֶועט זִיךְ פֶערְמֶעהְרֶען:

14 אוּנְד דֵיין הַארְץ וֶועט דֶערְהֵייבְט וֶוערֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט פֶערְגֶעסֶען דֶעם הַאר דֵיין גָאט, וָואס הָאט דִיךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוֹיס דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, פוּן דֶעם דִינְסְטְהוֹיז:

15 וָואס הָאט דִיךְ גֶעפִיהְרְט אִין דֶער גְרוֹיסֶען אוּנְד פָארְכְטֶערְלִיכֶער מִדְבָּר, אַווּאוּ עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פֵייעֶרִיגֶע שְׁלַאנְגֶען אוּנְד עֶנְגְדִישֶׁען, אוּנְד דָארְשְׁטִיגְקַייט, אוּנְד עֶס אִיז דָארְטֶען נִיט גֶעוֶועזֶען קַיין וַואסֶער, אָבֶּער עֶר הָאט צוּ דִיר אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט וַואסֶער פוּן דֶעם שְׁטַארְקֶען פֶעלְזֶענְשְׁטֵיין:

16 דֶער וָואס הָאט דִיךְ גֶעשְׁפֵּייזְט מִיט מָן אִין דֶער מִדְבָּר, וָואס דֵיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען נִיט גֶעווּסְט, דָאס עֶר זָאל דִיךְ דֶעמִיטִיגֶען, אוּנְד אַז עֶר זָאל דִיךְ פְּרוּפֶען, אוּם דִיר גוּטֶעס צוּ טְהוּן אִין דֵיין סוֹף:

17 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט טְרַאכְטֶען אִין דֵיין הַארְץ, מֵיין כֹּחַ אוּנְד מֵיינֶע שְׁטַארְקֶע מַאכְט הָאט מִיר אָנְגֶעשַׁאפְט דָאס דָאזִיגֶע רֵייכְטוּם:

18 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא גֶעדֶענְקֶען אַז עֶס אִיז דֶער הַאר דֵיין גָאט; וָוארִין עֶר אִיז עֶס וָואס גֶעט דִיר כֹּחַ רֵייכְטוּם אָנְצוּשַׁאפֶען, אַז עֶר זָאל דַאמִיט מְקַיֵים



זיין

זַיין זַיין בְּרִית וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁוָוארֶען
צוּ דֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז
דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג :
19 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, וֶוען דוּא
וֶועסְט גְעוִוים פֶערְגֶעסֶען אַן דֶעם הַאר
דֵיין גָאט, אוּנְד וֶועסְט נָאכְגֵיין נָאךְ
אַנְדֶערֶע גֶעטֶער, אוּנְד וֶועסְט זֵייא
דִינֶען, אוּנְד וֶועסְט דִיךְ צוּ זֵייא בִּיקֶען,
אַזוֹי בֶּעצֵייג אִיךְ קֶעגֶען אֵייךְ הֵייטֶע
אַז אִיהְר וֶועט גְעוִוים פֶערְלוֹירֶען
וֶוערֶען :
20 אַזוֹי וִויא דִיא פֶעלְקֶער וֶועלְכֶע
גָאט הָאט פֶערְטִילְגְט פַאר אֵיירֶע
אוֹיגֶען, אַזוֹי וֶועט אִיהְר פֶערְלוֹירֶען
וֶוערֶען, ווייל אִיהְר הָאט נִיט גֶעוָואלְט
הֶערֶען אוֹיף דֶער שְׁטִים פוּן דֶעם הַאר
אֵייעֶר גָאט :

קאפיטעל ט

1 הֶער צוּ, יִשְׂרָאֵל ! דוּא וֶועסְט הֵיינְט
אִיבֶּערְפָאהְרֶען דֶעם יַרְדֵן, אַרֵיינְ־
צוּקוּמֶען צוּ פֶערְטְרַייבֶּען דִיא פֶעלְקֶער
וָואס זֶענֶען גְרֶעסֶער אוּנְד שְׁטַארְקֶער
פוּן דִיר, גְרוֹיסֶע אוּנְד פֶעסְטֶע שְׁטֶעט
בִּיז צוּם הִימֶעל :
2 אַ גְרוֹיס אוּנְד הוֹיךְ פָאלְק, דִיא
קִינְדֶער פוּן עֲנָק, וָואס דוּא ווייסְט
אוּנְד דוּא הָאסְט (פוּן זֵייא) גֶעהֶערְט,—
ווער קֶען בֶּעשְׁטֵיין פַאר דִיא קִינְדֶער
פוּן עֲנָק ?
3 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא הֵייטֶע וויסֶען אַז
עֶס אִיז דֶער הַאר דֵיין גָאט וָואס גֵייט
אַרִיבֶּער פַאר דִיר וִויא אַ פֶערבְּרֶענְגֶענְ־
דֶעם פֵייעֶר, עֶר וֶועט זֵייא פֶערְטִילְגֶען,
אוּנְד עֶר וֶועט זֵייא אוּנְטֶערְטֶעהְנִיג
מַאכֶען פַאר דִיר, אַזוֹי וֶועסְט דוּא זֵייא
פֶערְטְרַייבֶּען, אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵייא
גֶעשְׁווינְד פֶערְטִילְגֶען, אַזוֹי וִויא גָאט
הָאט צוּ דִיר גֶערֶעט :
4 דוּא זָאלְסְט נִיט טְרַאכְטֶען אִין דֵיין
הַארְץ, נָאכְדֶעם דָאס דֶער הַאר דֵיין
גָאט הָאט זֵייא פֶערְטְרִיבֶּען פוּן פַאר
דִיר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶועגֶען מֵיינֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט הָאט מִיךְ גָאט אַרֵיינְ־
גֶעבְּרַאכְט אוּם דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד צוּ
יַרְשְׁנֶ'ן ; גייעֶרְט עֶס אִיז וֶועגֶען דֶער
שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער
טְהוּט זֵייא גָאט פֶערְטְרֵייבֶּען פוּן
פַאר דִיר :
5 עֶס אִיז נִיט וֶועגֶען דֵיינֶע גֶערֶעכְ־
טִיגְקֵייט, אוּנְד עֶס אוֹיךְ נִיט וֶועגֶען
דִיא רֶעכְטפֶערְטִיגְקֵייט פוּן דֵיין הַארְץ
דָאס דוּא קוּמְסְט אַרֵיין זֵייעֶר לַאנְד צוּ
יַרְשְׁנֶ'ן ; גייעֶרְט עֶס אִיז וֶועגֶען דִיא
שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער
טְהוּט זֵייא דֶער הַאר דֵיין גָאט פֶער־
טְרֵייבֶּען פַאר דִיר, אוֹיף דָאס עֶר זָאל
בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען דָאס וָוארְט וָואס גָאט
הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ דֵיינֶע אָבוֹת, צוּ
אַבְרָהָם, צוּ יִצְחָק אוּנְד צוּ יַעֲקֹב :
6 דַארוּם זָאלְסְט דוּא וויסֶען אַז עֶס
אִיז נִיט וֶועגֶען דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
דָאס דֶער הַאר דֵיין גָאט גִיבְּט דִיר
דָאס דָאזִיגֶע גוּטֶע לַאנְד צוּ יַרְשְׁנֶ'ן ;
וָוארִין דוּא בִּיזְט אַ הַארְט נֶעקִיגֶעס
פָאלְק :
7 גֶעדֶענְק ! אוּנְד פֶערְגֶעס נִיט, וִויא
דוּא הָאסְט דֶערְצָארֶענְט דֶעם הַאר דֵיין
גָאט אִין דֶער מִדְבָּר, פוּן דֶעם טָאג
אָן וָואס דוּא בִּיזְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אוּס מִצְרַיִם בִּיז אִיהְר זֶענְט גֶעקוּמֶען
צוּ דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט זֶענְט אִיהְר
גֶעוֶועזֶען ווידֶערְשְׁפֶּענִיגֶער קֶעגֶען גָאט :
8 אוּנְד אִין חוֹרֵב הָאט אִיהְר גָאט
דֶערְצָארֶענְט, אוּנְד גָאט הָאט אִיבֶּער


אִיךְ

אֵייךְ גֶעצָארֶענְט אוּם אֵייךְ צוּ
פֶערְטִילְגֶען׃
9 וֶוען אִיךְ בִּין אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף
דֶעם בַּארְג אוּם צוּ נֶעמֶען דִיא שְׁטֵיי־
נֶערְנֶע טָאבֶעלְן, דִיא טָאבֶעלְן פוּן
דֶעם בְּרִית, מִיט וֶועלְכֶע גָאט הָאט
מִיט אֵייךְ כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען, וֶוען
אִיךְ בִּין גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף דֶעם בַּארְג
פִירְצִיג טֶעג אוּנְד פִירְצִיג נֶעכְט, אַזוֹי
הָאבּ אִיךְ קֵיין בְּרוֹיט גֶעגֶעסֶען אוּנְד
קֵיין וַואסֶער גֶעטְרוּנְקֶען׃
10 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעגֶעבֶּען
דִיא צְווֵייא שְׁטֵיינֶערְנֶע לוּחוֹת גֶעשְׁרִיי־
בֶּען מִיט דֶעם פִינְגֶער פוּן גָאט, אוּנְד
אוֹיף זֵייא אִיז גֶעוֶועזֶען אַלֶע דִיא רֵייד
וָואס גָאט הָאט מִיט אֵייךְ גֶערֶעט אוֹיף
דֶעם בַּארְג, פוּן צְווִישֶׁען דֶעם פֵייעֶר,
אִין דֶעם טָאג פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג׃
11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַן דֶעם
עֶנְד פוּן דִיא פִירְצִיג טֶעג אוּנְד פִירְצִיג
נֶעכְט אַזוֹי הָאט מִיר גָאט גֶעגֶעבֶּען
דִיא צְווֵייא שְׁטֵיינֶערְנֶע טָאבֶעלְן, דִיא
טָאבֶעלְן פוּן דֶעם בְּרִית׃
12 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
שְׁטֵייא אוֹיף, גֵייא גֶעשְׁווִינְד אַרוּפּ פוּן
דַאנֶען, וָוארִין דָאס פָאלְק וָואס דוּא
הָאסְט אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט פוּן מִצְרַיִם
הָאט זִיךְ פֶערְדָארְבֶּען, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
בַּאלְד אָפְּגֶעקֶעהֶרְט פוּן דֶעם וֶועג וָואס
אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעבָּאטֶען, זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ גֶעמַאכְט אַ גֶעגָאסֶענֶעס (קַאלְבּ)׃
13 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ אַנְגֶעזֶעהֶען
דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק, אוּנְד זֶעה, עֶס
אִיז אַ הַארְט גֶענִיקֶעס פָאלְק׃
14 לָאז אָפּ פוּן מִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל
זֵייא פֶערְטִילְגֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
אוֹיסְמֶעקֶען זֵייעֶר נָאמֶען פוּן אוּנְטֶער
דֶעם הִימֶעל, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ
מַאכֶען צוּ אַ שְׁטַארְק פָאלְק אוּנְד
מֶעהְר וִויא זֵייא זֶענֶען׃
15 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
אוּנְד בִּין אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם
בַּארְג, אוּנְד דֶער בַּארְג הָאט גֶעבְּרֶענְט
מִיט פֵייעֶר, אוּנְד דִיא צְווֵייא טָאבֶעלְן
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין מֵיינֶע צְווֵייא הֶענְד׃
16 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד
זֶעה, אִיהְר הָאט גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען
דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט, (ווייל) אִיהְר
הָאט אֵייךְ גֶעמַאכְט אַ גֶעגָאסֶענֶעס
קַאלְבּ, אִיהְר זֶענְט גֶעשְׁווִינְד אָפְּגֶע־
קֶעהְרְט פוּן דֶעם וֶועג וָואס גָאט הָאט
אֵייךְ גֶעבָּאטֶען׃
17 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אָנְגֶענוּמֶען אַן
דִיא צְווֵייא לוּחוֹת אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא
אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען פוּן מֵיינֶע צְווֵייא
הֶענְד, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא צֶערְבְּרָאכֶען
פַאר אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען׃
18 אוּנְד אִיךְ בִּין אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען
פַאר גָאט אַזוֹי וִויא צוּם עֶרְשְׁטֶען,
פִירְצִיג טֶעג אוּנְד פִירְצִיג נֶעכְט, אִיךְ
הָאבּ קֵיין בְּרוֹיט גֶעגֶעסֶען אוּנְד קֵיין
וַואסֶער גֶעטְרוּנְקֶען, וֶועגֶען אַלֶע אֵייעֶרֶע
זִינְד מִיט וָואס אִיהְר הָאט גֶעזִינְדִיגְט,
דָאס שְׁלֶעכְטֶע צוּ טְהוּן אִין דִיא אוֹיגֶען
פוּן גָאט, אִיהְם צוּ דֶערְצָארְנֶען׃
19 וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעפָארְכְטֶען
פַאר דֶעם צָארְן אוּנְד דֶעם גְרִים וָואס
גָאט הָאט אִיבֶּער אֵייךְ גֶעצָארְנְט אֵייךְ
צוּ פֶערְטִילְגֶען; אָבֶּער גָאט הָאט מִיךְ
צוּגֶעהֶערְט צוּ דֶערְוֶועלְבִּיגֶען צֵייט׃
20 אוּנְד אוֹיךְ אִיבֶּער אַהֲרֹן הָאט
גָאט זֶעהְר גֶעצָארְנְט אוּם אִיהְם צוּ
פֶערְטִילְגֶען, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ



געבעטען

גֶעבֶּעטֶען פַאר אַהֲרֹן צוּ דֶערזֶעלְבִּיגֶער
צייט :
21 אוּנְד אֵייעֶרֶע זִינְד וָואס אִיהְר הָאט
גֶעטְהוּן—דָאס קַאלְבּ הָאבּ אִיךְ גֶענוּמֶען
אוּנְד הָאבּ עֶס פֶערבְּרֶענְט אִין דֶעם
פֵייעֶר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס צוּשְׁטוֹיסֶען,
אוּנְד עֶס גוּט גֶעמוֹלֶען בִּיז עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען דִין וִויא שְׁטוֹיבּ, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ דֶעם שְׁטוֹיבּ גֶעוָוארְפֶען אוֹיף
דֶעם טֵייךְ וָואס גֵייט אַרוּפּ פוּן דֶעם
בַּארְג :
22 אוּנְד אִין תַּבְעֵרָה, אוּנְד אִין מַסָּה,
אוּנְד אִין קִבְרוֹת הַתַּאֲוָה הָאט אִיהְר
(אוֹיךְ) גָאט דֶערְצָארְנְט :
23 אוּנְד וֶוען גָאט הָאט אֵייךְ גֶעשִׁיקְט
פוּן קָדֵשׁ בַּרְנֵעַ, אוּנְד גֶעזָאגְט, גֵייט
אַרוֹיף אוּנְד יַרְשׁוּת דָאס לַאנְד וָואס
אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען, אַזוֹי הָאט
אִיהְר וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט קֶעגֶען דֶעם
בֶּעפֶעהְל פוּן דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט,
אוּנְד אִיהְר הָאט אִיהְם נִיט גֶעוָואלְט
גְלוֹיבֶּען, אוּנְד אִיהְר הָאט (אוֹיךְ) נִיט
גֶעוָואלְט צוּ הֶערֶען זֵיין קוֹל :
24 אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען וִוידֶערשְׁפֶּעֶר-
נִיגֶער קֶעגֶען גָאט פוּן דֶעם טָאג אָן
וָואס אִיךְ הָאבּ אֵייךְ דֶערְקֶענְט :
25 אוּנְד אִיךְ בִּין אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען
פַאר גָאט דִיא פִירְצִיג טֶעג אוּנְד דִיא
פִירְצִיג נֶעכְט וָוארִין גָאט הָאט גֶעזָאגְט
אַז עֶר וֶועט אֵייךְ פֶערְטִילְגֶען :
26 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעבֶּעטֶען צוּ גָאט,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אוֹי הַאר
גָאט ! (אִיךְ בֶּעט דִיךְ) פֶערְדַארְבּ נִיט
דֵיין פָאלְק אוּנְד דֵיין עֶרְבְּטֵייל וָואס
דוּא הָאסְט אוֹיסְגֶעלֵייזְט דוּרְךְ דֵיין
גְרוֹיסְקֵייט, וָואס דוּא הָאסְט זֵייא
אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אוֹיס מִצְרַיִם מִיט אַ
שְׁטַארְקֶע הַאנְד :
27 גֶעדֶענְק צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט, צוּ
אַבְרָהָם, צוּ יִצְחָק אוּנְד צוּ יַעֲקֹב,
קֶעהְר דִיךְ נִיט צוּ דֶער הַארְטְנֶעקִיגְקֵייט
פוּן דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק, אוּנְד צוּ זֵיין
רִשְׁעַת אוּנְד צוּ זֵיינֶע זִינְד :
28 טָאמֶער וֶועלֶען דִיא אֵיינְווֹאוֹינֶערְס
פוּן דֶעם לַאנְד זָאגֶען, וָואס דוּא הָאסְט
אוּנְס פִין דָארְט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט, וָוייל
גָאט אִיז נִיט אִים שְׁטַאנְד זֵייא אַרֵיינְ-
צוּבְּרֶענְגֶען אִין דֶעם לַאנְד וָואס עֶר
הָאט זֵייא צוּ גֶעזָאגְט, אוּנְד וָוייל עֶר
הָאט זֵייא פֵיינְד אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא
אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוּם זֵייא צוּ טֵייטֶען
אִין דֶער מִדְבָּר :
29 אָבֶּער זֵייא זֶענֶען דֵיין פָאלְק, אוּנְד
דֵיין עֶרְבְּטֵייל, וָואס דוּא הָאסְט אַרוֹיסְ-
גֶעצוֹיגֶען מִיט דֵיין גְרוֹיסֶען כֹּחַ אוּנְד
מִיט דֵיין אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶען אָרֶעם :

## קאפיטעל י

1 אִין דֶערזֶעלְבִּיגֶע צֵייט הָאט גָאט
צוּ מִיר גֶעזָאגְט, הַאק דִיר אוֹיס צְוֵוייא
שְׁטֵיינֶערְנֶע טָאבֶעלְן אַזוֹי וִויא דִיא
עֶרְשְׁטֶע, אוּנְד גֵייא אַרוֹיף אוֹיף דֶעם
בַּארְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיר מַאכֶען
אֵיין אָרוֹן פוּן הָאלְץ :
2 אוּנְד אִיךְ וֶועל שְׁרֵייבֶּען אוֹיף דִיא
לוּחוֹת דִיא וֶוערְטֶער וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אוֹיף דִיא עֶרְשְׁטֶע לוּחוֹת,
וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט צֶערבְּרָאכֶען, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט זֵייא אַרֵיינְלֵייגֶען אִין דֶעם
אָרוֹן :
3 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעמַאכְט אֵיין אָרוֹן
פוּן שִׁטִּים הָאלְץ, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
אוֹיסְגֶעהַאקְט צְוֵוייא שְׁטֵיינֶערְנֶע טָאבֶעלְן
אַזוֹי וִויא דִיא עֶרְשְׁטֶע, אוּנְד אִיךְ בִּין
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג, אוּנְד
דיא

דִיא צְווייא טַאבֶעלְן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין מֵיינֶע הַאנְד׃

4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף דִיא לוּחוֹת אַזוֹי וִויא דָאס עֶרְשְׁטֶע גֶעשְׁרִיפְטְס אִיז גֶעוֶועזֶען; דִיא צֶעהֶן וֶוערְטֶער וָואס גָאט הָאט צוּ אֵייךְ גֶערֶעט אוֹיף דֶעם בַּארְג פוּן צְווִישֶׁען דֶעם פֵייעֶר, אִין דֶעם טָאג פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד גָאט הָאט זֵייא צוּ מִיר גֶעגֶעבֶּען׃

5 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּנְד בִּין אַרוּנְטֶערְגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם בַּארְג, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אַרֵיינְגֶעטְהוּן דִיא לוּחוֹת אִין דֶעם אָרוֹן וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען דָארְטֶען גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא גָאט הָאט מִיר גֶעבָּאטֶען׃

6 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען פוּן בְּאֵרוֹת בְּנֵי־יַעֲקָן נָאךְ מוֹסֵרָה, דָארְט אִיז אַהֲרֹן גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד עֶר אִיז דָארְטֶען בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען; אוּנְד אֶלְעָזָר זַיין זוּהְן אִיז גֶעוָוארֶען כֹּהֵן אַן זֵיינֶער שְׁטֶעל׃

7 פוּן דָארְט הָאבֶּען זֵייא גֶעצוֹיגֶען נָאךְ גוּדְגוֹדָה, אוּנְד פוּן גוּדְגוֹדָה נָאךְ יָטְבָתָה, אֵיין לַאנְד מִיט וַואסֶער טֵייכֶען׃

8 צוּ דֶערְזֶעלְבֶּען צֵייט הָאט גָאט אָבְּגֶעשֵׁייט דֶעם שֵׁבֶט לֵוִי צוּ טְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאטְס בְּרִית, אוּנְד צוּ שְׁטֵיין פַאר גָאט, אִיהְם צוּ דִינֶען, אוּנְד צוּ בֶּענְשֶׁען אִין זַיין נָאמֶען, בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃

9 דַארִיבֶּער אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען צוּ (דֶעם שֵׁבֶט) לֵוִי קֵיין חֵלֶק אוּנְד קֵיין עֶרְבְּטֵייל מִיט זֵיינֶע בְּרִידֶער; וָוארִין גָאט אִיז זַיין עֶרְבְּטֵייל, אַזוֹי וִויא דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט צוּ דִיר גֶעזָאגְט׃

10 אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג אַזוֹי וִויא דִיא עֶרְשְׁטֶע טֶעג, פִירְצִיג טֶעג אוּנְד פִירְצִיג נֶעכְט, אוּנְד גָאט הָאט מִיךְ אוֹיךְ דָאס דָאזִיגֶע מָאל צוּגֶעהֶערְט, אוּנְד גָאט הָאט דִיךְ נִיט גֶעוָואלְט פֶערְדַארְבֶּען׃

11 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אוֹיף, גֵייא אוּנְד צִיה פַאר דֶעם פָאלְק, אַז זֵייא זָאלֶען אַרֵיינְקוּמֶען אוּנְד אַרְבֶּען דָאס לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁוָואוֹרֶען צוּ זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, צוּ זֵייא צוּ גֶעבֶּען׃

12 אוּנְד אַצוּנְד יִשְׂרָאֵל, וָואס פֶערְלַאנְגְט דֶער הַאר דֵיין גָאט פוּן דִיר, נָאר אַז דוּא זָאלְסְט פָארְכְטֶען דֶעם הַאר דֵיין גָאט, צוּ גֵיין אִין אַלֶע זֵיינֶע וֶועג, אוּנְד אִיהְם צוּ לִיבֶּען, אוּנְד צוּ דִינֶען דֶעם הַאר דֵיין גָאט מִיט דֵיין גַאנְצֶען הַארְץ אוּנְד מִיט דֵיינֶער גַאנְצֶען זֶעלֶע׃

13 צוּ הִיטֶען דִיא מִצְוֹת פוּן גָאט, אוּנְד זֵיינֶע גֶעזֶעץ וָואס אִיךְ גֶעבִּיט דִיר הֵיינְט אַז עֶס זָאל דִיר גוּט זַיין׃

14 זֶעה, צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט, גֶעהֶערֶען דִיא הִימֶעלְן, אוּנְד דִיא הִימֶעלְס הִימֶעלְן, דִיא עֶרְד אוּנְד אַלֶעס וָואס דַארוֹיף אִיז׃

15 נוּר אַן דֵיינֶע עֶלְטֶערְן אַלֵיין הָאט גָאט גֶעגְלוּסְט אוּם זֵייא צוּ לִיבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְדֶערְוֶוערְלְט אִין זֵיירֶע קִינְדֶער נָאךְ זֵייא, זַאגַאר אֵייךְ, פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער אַזוֹי וִויא עֶס אִיז דֶעם דָאזִיגֶען טָאג׃

16 דַארוּם זָאלְט אִיהְר בֶּעשְׁנֵיידֶען דִיא פֶערְשְׁטָאפוּנְג פוּן אֵיירֶע הֶערְצֶער,

אונד

אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט מֶעהְר פֶּערְ-
הַארְטֶען אֵייעֶרן נַאקֶען׃
17 וָוארִין דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט, עֶר
אִיז גָאט אִיבֶּער גֶעטֶער, אוּנְד אַ הַאר
אִיבֶּער הַארֶען, עֶר אִיז דֶער גְרוֹיסֶער,
שְׁטַארְקֶער אוּנְד פָארְכְטִיגֶער גָאט, וָואס
אִיז קֵיין נוֹשֵׂא פָּנִים, אוּנְד עֶר גֶעמְט
נִיט קֵיין שׁוֹחַד׃
18 עֶר טְהוּט רִיכְטֶען דֶעם יָתוֹם אוּנְד
דִיא אַלְמָנָה, אוּנְד עֶר לִיבְּט דֶעם גֵר
אוּם אִיהְם צוּ גֶעבֶּען בְּרוֹיט אוּנְד
קְלֵיידֶער׃
19 דַארוּם זָאלְט אִיהְר לִיבֶּען דֶעם
גֵר, וָוארִין אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען גֵרִים
אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם׃
20 דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אִיהְם זָאלְסְט
דוּא פָארְכְטֶען אוּנְד דִינֶען, אוּנְד אַן
אִיהְם זָאלְסְט דוּא דִיךְ בֶּעהֶעפְטֶען, אוּנְד
אִין זֵיין נָאמֶען זָאלְסְט דוּא שְׁוֶוערֶען׃
21 עֶר אִיז דֵיין לוֹיבּ, אוּנְד עֶר אִיז
דֵיין גָאט, וָואס הָאט מִיט דִיר גֶעטְהוּן
דִיא דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע אוּנְד פָארְכְטֶערְלִיכֶע
זַאכֶען, וָואס דֵיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען׃
22 מִיט זִיבֶּעצִיג פֶּערְשׁוֹינֶען הָאבֶּען
דֵיינֶע עֶלְטֶערְן אַרוּפְּגֶענִידֶערְט נָאךְ
מִצְרַיִם, אוּנְד אַצוּנְד הָאט דִיךְ דֶער
הַאר דֵיין גָאט גֶעמַאכְט אַזוֹי פִיל וִויא
דִיא שְׁטֶערְן פוּן הִימֶעל׃

קאפּיטעל יא

1 אוּנְד דוּא זָאלְסְט לִיבֶּען דֶעם הַאר
דֵיין גָאט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט הִיטֶען
זֵיינֶע הִיטוּנְג, אוּנְד זֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד
זֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, אוּנְד זֵיינֶע מִצְוֹת
אַלֶע טֶעג׃
2 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הֵיינְט וִויסֶען,
וָוארִין (אִיךְ רֶעד) נִיט מִיט אֵייעֶרֶע
קִינְדֶער וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט,
אוּנְד וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען דִיא
שְׁטְרָאף פוּן דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט,
זֵיינֶע גְרוֹיסְקֵייט, זֵיינֶע שְׁטַארְקֶע הַאנְד,
אוּנְד זֵיין אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶען אָרֶעם׃
3 אוּנְד זֵיינֶע צֵייכֶען, אוּנְד זֵיינֶע
וֶוערְקֶע וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן אִין
מִצְרַיִם, צוּ פַּרְעה קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם,
אוּנְד צוּ זֵיין גַאנְצֶען לַאנְד׃
4 אוּנְד וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ
דֶעם חַיִל פוּן מִצְרַיִם, צוּ זֵיינֶע פֶערְד
אוּנְד צוּ זֵיינֶע רֵייטֶער, וָואס עֶר הָאט
פַאר זֵייא גֶעמַאכְט דֶעם יַם סוּף
פֶערפְלֵייצֶען, וֶוען זֵייא הָאבֶּען אֵייךְ
נָאכְגֶעיָאגְט, אוּנְד וִויא גָאט הָאט זֵייא
פֶערְטִילְגְט בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃
5 אוּנְד וָואס עֶר הָאט צוּ אֵייךְ
גֶעטְהוּן אִין דֶער מִדְבָּר בִּיז אִיהְר זֶענְט
אָנְגֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט׃
6 אוּנְד וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ
דָתָן אוּנְד אֲבִירָם, דִיא זִיהְן פוּן אֱלִיאָב,
זוּהְן פוּן רְאוּבֵן, וִויא דִיא עֶרְד הָאט
אוֹיפְגֶעמַאכְט אִיהְר מוֹיל אוּנְד הָאט
זֵייא פֶערְשְׁלוּנְגֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע הֵייזֶער
אוּנְד מִיט זֵייעֶרֶע גֶעצֶעלְטֶען, אוּנְד
זֵייעֶר גַאנְצֶען בֶּעשְׁטַאנְד צְוִוישֶׁען גַאנְץ
יִשְׂרָאֵל׃
7 וָוארִין אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶע-
זֶעהֶען דִיא גַאנְצֶע גְרוֹיסֶע וֶוערְק פוּן
גָאט וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן׃
8 דַארוּם זָאלְט אִיהְר הִיטֶען אַלֶע
גֶעבָּאטֶע וֶועלְכֶע אִיךְ גֶעבִּיט דִיר
הֵיינְט, אַז אִיהְר זָאלְט גֶעשְׁטַארְקְט
וֶוערֶען, אוּנְד אַרֵיינְקוּמֶען אוּנְד אַרְבֶּען
דָאס לַאנְד וָואוּ אִיהְר דָארְט אַרִיבֶּערְ-
גֵייט עֶס צוּ בֶּעזִיצֶען׃
9 אוּנְד אַז אֵייעֶרֶע טֶעג זָאלֶען זִיךְ

פערלענגערן

פֶערְלֶענְגֶערְן אויף דֶעם לַאנְד וָואס
גָאט הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ אֵיירֶע
עֶלְטֶערְן, צוּ זֵייא צוּ גֶעבֶּען, אוּנְד צוּ
זֵייעֶרֶע קִינְדֶער, אַ לַאנְד וָואס פְלִיסְט
מִיט מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג:
10 וָוארִין דָאס לַאנְד,—אַהִין וואוּ דוּא
וֶועסְט דָארְט אַהִינְקוּמֶען עֶס צוּ עֶרְבֶּען
אִיז נִיט וִויא דָאס לַאנְד מִצְרַיִם פוּן
וֶועלְכֶעם דוּא בִּיזְט פוּן דָארְטֶען
אַרויסְגֶעקוּמֶען, וָואס דוּא הָאסְט גֶע־
זֵייעֶט דַיין זָאמֶען, אוּנְד הָאסְט עֶס
גֶעוָועסֶערְט מִיט דַיין פוּס אַזוֹי וִויא אַ
גָארְטֶען פוּן גְרִינֶע קְרֵייטֶער:
11 נֵייעֶרְט דָאס לַאנְד,—אַהִין וואוּ אִיהְר
אַרִיבֶּער גֵייט עֶס צוּ יַרְשְׁנֶ'ן, אִיז אַ
לַאנְד פוּן בֶּערְג אוּנְד טָאלֶען וָואס
טְרִינְקְט דֶעם רֶעגֶען פוּן הִימֶעל:
12 אַ לַאנְד וָואס דֶער הַאר דַיין גָאט
זָארְגְט דֶערְפַאר, טָמִיד זֶענֶען דִיא
אויגֶען פוּן דֶעם הַאר דַיין גָאט דְרוּיף,
פוּן דֶעם אָנְפַאנְג פוּן דֶעם יָאהְר בִּיז
צוּם עֶנְד פוּן דֶעם יָאהְר:
13 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וֶוען אִיהְר
וֶועט צוּהֶערֶען צוּ מֵיינֶע מִצְוֹת וָואס
אִיךְ טְהוּעֶ אֵייךְ הַיינְט גֶעבִּיטֶען, צוּ
לִיבֶּען דֶעם הַאר אֵיירֶען גָאט, אוּנְד
אִיהְם צוּ דִינֶען מִיט אֵייעֶר גַאנְצֶען
הַארְץ, אוּנְד אֵיירֶען גַאנְצֶען לֵייבּ:
14 אַזוֹי וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען רֶעגֶען פַאר
אֵייעֶר לַאנְד אִין זַיינֶע צֵייט, פְרִיה
רֶעגֶען אוּנְ שְׁפֶּעט רֶעגֶען, אוּנְד דוּא
וֶועסְט אַיינְזַאמֶעלְן דַיין קָארְן אוּנְד
דַיין וויין אוּנְד דַיין אֵייל:
15 אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען גְרָאז אויף
דַיין פֶעלְד פַאר דַיינֶע בְּהֵמוֹת, אוּנְד
דוּא וֶועסְט עֶסֶען אוּנְד זַאט וֶוערֶען:
16 הִיטֶעט אֵייךְ אָבֶּער אַז אֵיירֶע
הֶערְצֶער זָאלֶען נִיט אִיבֶּערְגֶערֶעט
וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט אָפְּקֶעהְרֶען,
אוּנְד אִיהְר וֶועט דִינֶען אַנְדֶערֶע גֶעטֶער,
אוּנְד אִיהְר וֶועט אֵייךְ צוּ זֵייא בִּיקֶען:
17 אוּנְד דֶער צָארְן פוּן גָאט וֶועט
אִיבֶּער אֵייךְ עֶרְגְרִימֶען, אוּנְד עֶר וֶועט
אויפְהַאלְטֶען דֶעם הִימֶעל, אוּנְד עֶס
וֶועט נִיט זַיין קֵיין רֶעגֶען, אוּנְד דִיא
עֶרְד וֶועט נִיט גֶעבֶּען אִיהְרֶע פְּרוּכְט,
אוּנְד אַזוֹי וֶועט אִיהְר גֶעשְׁווינְד פֶערְ־
לוירֶען וֶוערֶען פוּן דֶעם גוּטֶען לַאנְד
וָואס גָאט וֶועט צוּ אֵייךְ גֶעבֶּען:
18 אוּנְד אִיהְר זָאלְט טְהוּן דִיא
דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער אויף אֵיירֶע הֶערְצֶער,
אוּנְד אויף אֵיירֶע זֶעלֶען, אוּנְד אִיהְר
זָאלְט זֵייא בִּינְדֶען פַאר אַ צֵייכֶען
אויף אֵיירֶע הֶענְד, אוּנְד זֵייא זָאלֶען
זַיין פַאר אַ פֶערְצִירוּנְג צְווישֶׁען אֵיירֶע
אויגֶען:
19 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא לֶערְנֶען צוּ
אֵיירֶע קִינְדֶער, אוּנְד פוּן זֵייא צוּ
רֶעדֶען וֶוען דוּא וֶועסְט זִיצֶען אִין דַיין
הויז, אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט גֵיין אויף
דֶעם וֶועג, אוּנְד וֶוען דוּא לֵייגְסְט דִיךְ
אַנִידֶער, אוּנְד וֶוען דוּא שְׁטֵייסְט אויף:
20 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא שְׁרֵייבֶּען
אויף דִיא בֵּיישְׁטִידְלֶעךְ (מְזוּזוֹת) פוּן
דַיין הויז אוּנְד דַיינֶע טוירֶען:
21 אַז אֵיירֶע טֶעג זָאלֶען פֶערְמֶעהְרְט
וֶוערֶען, אוּנְד דִיא טֶעג פוּן אֵיירֶע
קִינְדֶער אויף דֶעם לַאנְד וָואס גָאט
הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ אֵיירֶע עֶלְטֶערְן,
עֶס צוּ זֵייא צוּ גֶעבֶּען, אַזוֹי וִויא דִיא
טֶעג פוּן הִימֶעל אויף דֶער עֶרְד:
22 וָוארִין וֶוען אִיהְר וֶועט הִיטֶען דִיא
דָאזִיגֶע גַאנְצֶע מִצְוֹת וֶועלְכֶע אִיךְ
גֶעבִּיט אֵייךְ, אוּם זֵייא צוּ טְהוּן, צוּ

ליבען

לִיבֶּען דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט, צוּ גֵיין
אִין אַלֶע זֵיינֶע וֶועגֶען, אוּנְד אֵייךְ אַן
אִיהְם בֶּעהֶעפְטֶען:
23 אַזוֹי וֶועט גָאט אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע
פֶעלְקֶער פַאר אֵייךְ פֶערְטְרֵייבֶּען אוּנְד
אִיהְר וֶועט יַרְשְׁנְ'ן גְרוֹיסֶע אוּנְד
שְׁטַארְקֶערֶע פֶעלְקֶער פוּן אֵייךְ:
24 אִיטְלִיכֶען אָרְט וָואס אֵיירֶע פִּיס
וֶועלֶען דַארוֹיף טְרֶעטֶען, זָאל צוּ אֵייךְ
גֶעהֶערֶען, פוּן דֶער מִדְבָּר אָן אוּנְד
דֶעם לְבָנוֹן,—פוּן דֶעם טַייךְ, דֶעם
טַייךְ פְּרָת בִּיז צוּ דֶעם הִינְטֶערשְׁטֶען
יַם זָאל זַיין אֵיירֶע גְרֶענְצֶען:
25 קֵיין מֶענְשׁ וֶועט נִיט קֶענֶען
בֶּעשְׁטֵיין פַאר אֵייךְ, וָוארִין דֶער הַאר
אֵייעֶר גָאט וֶועט גֶעבֶּען אֵיירֶע פוּרְכְט
אוּנְד אֵיירֶע אַנְגְסְט אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען
לַאנְד וָואס אִיהְר וֶועט דַארוֹיף טְרֶעטֶען,
אַזוֹי וִויא עֶר הָאט צוּ אֵייךְ גֶערֶעט:

ראה:

26 זֶעהְט, אִיךְ גֶעבּ פַאר אֵייךְ הֵיינְט
אַ בְּרָכָה אוּנְד אַ קְלָלָה:
27 דִיא בְּרָכָה וֶוען אִיהְר וֶועט גֶע-
הָארְכֶען צוּ דִיא מִצְוֹת פוּן דֶעם הַאר
אֵייעֶר גָאט, וָואס אִיךְ גֶעבִּיט אֵייךְ
הֵיינְט:
28 אוּנְד דִיא קְלָלָה וֶוען אִיהְר וֶועט
נִיט גֶעהָארְכֶען צוּ דִיא מִצְוֹת פוּן דֶעם
הַאר אֵייעֶר גָאט, אוּנְד אִיהְר וֶועט
אָפְּקֶעהְרֶען פוּן דֶעם וֶועג וֶועלְכֶען אִיךְ
גֶעבִּיט דִיר הֵיינְט, נָאכְצוּגֵיין נָאךְ
אַנְדֶערֶע גֶעטֶער וָואס אִיהְר הָאט נִיט
גֶעקֶענְט:
29 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וֶוען דֶער הַאר
דַיין גָאט וֶועט דִיךְ אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען צוּ
דֶעם לַאנְד וְואוּ דוּא וֶועסְט דָארְט
אַהִינְקוּמֶען עֶס צוּ יַרְשְׁנְ'ן, אַזוֹי זָאלְסְט
דוּא טְהוּן דִיא בְּרָכָה אוֹיף דֶעם בַּארְג
גְרִזִים, אוּנְד דִיא קְלָלָה אוֹיף דֶעם
בַּארְג עֵיבָל:
30 וֶוענֶען זֵייא נִיט אַן דֶער אַנְדֶערֶע
זַייט פוּן דֶעם יַרְדֵן, הִינְטֶער דֶעם וֶועג
וְואוּ דִיא זוּן גֵייט אוּנְטֶער, אִין דֶעם
לַאנְד פוּן דֶעם כְּנַעֲנִי וָואס וְואוֹינְט
אִין דֶעם פְּלוֹין קֶעגֶען אִיבֶּער פוּן
גִלְגָל, בַּייא דֶעם פְּלוֹין פוּן מוֹרֶה?
31 וָוארִין אִיהְר וֶועט אִיבֶּערְפָאהְרֶען
דֶעם יַרְדֵן אַרֵיינְצוּקוּמֶען אוּנְד צוּ
עֶרְבֶּען דָאס לַאנְד וָואס דֶער הַאר
אֵייעֶר גָאט גֶעט צוּ אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר
וֶועט עֶס יַרְשְׁנְ'ן, אוּנְד אִיהְר וֶועט
דַארִין וְואוֹינֶען:
32 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען צוּ טְהוּן
אַלֶע גֶעזֶעצֶע אוּנְד גֶערֶעכְטֶע וֶועלְכֶע
אִיךְ גֶעבֶּע פַאר אֵייךְ הֵיינְט:

## קאפיטעל יב

1 דָאס זֶענֶען דִיא גֶעזֶעצֶע אוּנְד דִיא
מִשְׁפָּטִים וָואס אִיהְר זָאלְט הִיטֶען צוּ
טְהוּן אִין דֶעם לַאנְד וָואס דֶער הַאר,
דֶער גָאט פוּן דֵיינֶע אָבוֹת הָאט צוּ
דִיר גֶעגֶעבֶּען עֶס צוּ יַרְשְׁנְ'ן אַלֶע טֶעג
וָואס אִיהְר וֶועט לֶעבֶּען אוֹיף דֶעם
לַאנְד:
2 אִיהְר זָאלְט אִים גַאנְצֶען פֶערְנִיכְטֶען
אַלֶע עֶרְטֶער וְואוּ דִיא פֶעלְקֶער וָואס
אִיהְר וֶועט זֵייא עֶרְבֶּען, הָאבֶּען דָארְט
גֶעדִינְט זֵיירֶע גֶעטֶער, אוֹיף דִיא הוֹיכֶע
בֶּערְג, אוּנְד אוֹיף דִיא הוֹיכֶע עֶרְטֶער,
אוּנְד הִינְטֶער יֶעדֶען גְרִינֶעם בּוֹים:
3 אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּשְׁטוֹיסֶען זֵיירֶע
מִזְבְּחוֹת, אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּבְּרֶעכֶען
זֵיירֶע מַצֵּבוֹת, אוּנְד זֵיירֶע לִינְדֶען
בֵּיימֶער זָאלְט אִיהְר פֶערבְּרֶענֶען מִיט
פֵייעֶר, אוּנְד זֵיירֶע גֶעצֶענְבִּילְדֶער פוּן

זַייעֶרֶע אָפְּגֶעטֶער זָאלְט אִיהְר אָפְּהַאקֶען,
אוּנְד זַייעֶר נָאמֶען זָאלְט אִיהְר פֶערְ־
טִילְגֶען פוּן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען אָרְט :
4 אָבֶּער אַזוֹי זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן
צוּ דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט :
5 נֵייעֶרְט צוּ דֶעם אָרְט וָואס דֶער
הַאר אֵייעֶר גָאט וֶועט עֶרְוֶועהְלֶען פוּן
אַלֶע אֵיירֶע שְׁבָטִים אוּם זַיין נָאמֶען
דָארְט אַהִין צוּ טְהוּן, צוּ זַיינֶע רוּהוּנְג
זָאלְט אִיהְר פָארְשֶׁען, אוּנְד דָארְט
זָאלְט אִיהְר אַהִינְקוּמֶען :
6 אוּנְד אִיהְר זָאלְט דָארְט אַהִינְבְּרֶענְ־
גֶען אֵיירֶע בְּרַאנְד־אָפְּפֶער אוּנְד אֵיירֶע
שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער, אוּנְד אֵיירֶע מַעֲשְׂרוֹת,
אוּנְד דִיא אוֹיפְהֵייבוּנְג פוּן אֵיירֶע
הֶענְד, אוּנְד אֵיירֶע נְדָרִים אוּנְד אֵיירֶע
נְדָבוֹת, אוּנְד אֵיירֶע עֶרְשְׁטְלִינְגֶע פוּן
אֵיירֶע רִינְדֶער אוּנְד פוּן אֵיירֶע שָׁאף :
7 אוּנְד אִיהְר זָאלְט דָארְטֶען עֶסֶען
פַאר דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט, אוּנְד
אִיהְר זָאלְט אֵייךְ פְרֵייעֶן אִין אֵייעֶר
גַאנְצֶען פֶערְמֶעגֶען, אִיהְר מִיט אֵייעֶר
הוֹיזְגֶעזִינְד, אִין וָואס דֶער הַאר דֵיין
גָאט הָאט דִיךְ גֶעבֶּענְשְׁט :
8 אִיהְר זָאלְט נִיט טְהוּן נָאךְ אַלֶעם
וָואס מִיר טְהוּן הִיעֶר הֵיינְט, אִיטְלִיכֶער
וָואס אִיז רֶעכְט אִין זַיינֶע אוֹיגֶען :
9 וָוארִין אִיהְר זֶענְט נָאךְ נִיט בִּיז
יֶעצְט אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶער רוּהוּנְג אוּנְד
צוּ דֶעם עֶרְבְּטֵייל וָואס דֶער הַאר דֵיין
גָאט גִיט צוּ דִיר :
10 אָבֶּער וֶוען אִיהְר וֶועט אַרִיבֶּערְגֵיין
דֶעם יַרְדֵן אוּנְד אִיהְר וֶועט וְואוֹינֶען
אִין דֶעם לַאנְד וָואס דֶער הַאר אֵייעֶר
גָאט וֶועט אֵייךְ מַאכֶען עֶרְבֶּען, אוּנְד
עֶר וֶועט אֵייךְ לָאזֶען רוּהֶען פוּן אַלֶע
אֵיירֶע פֵיינְד רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד אִיהְר
וֶועט אִין זִיכֶערְהֵייט וְואוֹינֶען :
11 אַזוֹי זָאל זַיין אַיין אָרְט וְואוּ דֶער
הַאר אֵייעֶר גָאט וֶועט אוֹיסְדֶערְוֶויילֶען
אַז זַיין נָאמֶען זָאל דָארְט רוּהֶען,
דָארְט זָאלְט אִיהְר אַהִינְבְּרֶענְגֶען אַלֶעם
וָואס אִיךְ גֶעבִּיט אֵייךְ, אֵיירֶע בְּרַאנְד־
אָפְּפֶער, אוּנְד אֵיירֶע שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער,
אֵיירֶע מַעֲשְׂרוֹת אוּנְד דִיא אוֹיפְהֵייבוּנְג
פוּן אֵיירֶע הֶענְד, אוּנְד אַלֶע אֵיירֶע
אוֹיסְדֶערְוֶויילְטֶע נְדָרִים וֶועלְכֶע אִיהְר
וֶועט מְנַדֵר זַיין צוּ גָאט :
12 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ פְרֵייעֶן
פַאר דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט, אִיהְר
אוּנְד אֵיירֶע זִיהְן אוּנְד אֵיירֶע טֶעכְטֶער,
אוּנְד אֵיירֶע קְנֶעכְט, אוּנְד אֵיירֶע
דִינְסְטְמֵיידֶען, אוּנְד דֶער לֵוִי וָואס אִיז
אִין דֵיינֶע טוֹירֶען, וָוארִין עֶר הָאט נִיט
קֵיין טֵייל אוּנְד קֵיין נַחֲלָה צְוִוישֶׁען אֵייךְ :
13 דוּא זָאלְסְט דִיךְ (אָבֶּער) הִיטֶען
אַז דוּא זָאלְסְט נִיט אוֹיפְבְּרֶענְגֶען דֵיינֶע
קָרְבָּן עוֹלוֹת אוֹיף אִיטְלִיכֶען אָרְט וָואס
דוּא וֶועסְט זֶעהֶען :
14 נֵייעֶרְט אוֹיף דֶעם אָרְט וָואס גָאט
וֶועט אוֹיסְדֶערְוֶויילֶען בֵּייא אֵיינֶעם פוּן
דֵיינֶע שְׁבָטִים, דָארְט זָאלְסְט דוּא
מַקְרִיב זַיין דֵיינֶע קָרְבָּן עוֹלוֹת, אוּנְד
דָארְט זָאלְסְט דוּא טְהוּן אַלֶעם וָואס
אִיךְ גֶעבִּיט דִיר :
15 נֵייעֶרְט אַלֶעם וָואס דוּא גְלוּסְט
מֶעגְסְט דוּא שֶׁעכְטֶען, אוּנְד דוּא
מֶעגְסְט עֶסֶען פְלֵייש אַזוֹי וִויא דֶער
הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיךְ גֶעבֶּענְשְׁט
אוּנְד צוּ דִיר גֶעגֶעבֶּען אִין אַלֶע דֵיינֶע
טוֹירֶען, דֶער אוּנְרֵיינֶער אוּנְד דֶער
רֵיינֶער מֶעג דַאפוּן עֶסֶען, אַזוֹי וִויא
(דָאס פְלֵייש) פוּן אַ הִירְשׁ אוּנְד אַ
אִינְד (סַארְנֶע) :

16 נייעֶרְט דָאס בְּלוּט זָאלְט אִיהְר נִיט עֶסֶען, אִיהְר זָאלְט עֶס פֶערְגִיסֶען אוֹיף דֶער עֶרְד וִויא וַואסֶער׃

17 דוּא טוּרְסְט נִיט עֶסֶען אִין דֵיינֶע טוֹירֶען דָאס מַעֲשֵׂר פוּן דֵיין קָארְן, אוּנְד פוּן דֵיין ווֵיין, אוּנְד פוּן דֵיינֶע אֵיילְבֶּערְט, אוּנְד פוּן דִיא עֶרְשְׁטלִינְגֶע פוּן דֵיינֶע רִינְדֶער, אוּנְד דֵיינֶע שָׁאף, אוּנְד פוּן אַלֶע דֵיינֶע נְדָרִים וָואס דוּא וֶועסְט מְנַדֵר זֵיין, אוּנְד פוּן דֵיינֶע נְדָבוֹת, אוּנְד דִיא אוֹיפְהֵייבּוּנְג פוּן דֵיינֶע הַאנְד׃

18 נייעֶרְט דוּא זָאלְסְט זֵייא עֶסֶען פַאר דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אִין דֶעם אָרְט וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט אוֹיסְדֶערְוֵויילֶען, דוּא אוּנְד דֵיין זוּהְן, אוּנְד דֵיינֶע טָאכְטֶער, אוּנְד דֵיין קְנֶעכְט אוּנְד דֵיינֶע דִינְסְט מֵייד, אוּנְד דֶער לֵוִי וָואס אִיז אִין דֵיינֶע טוֹירֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ פְרֵייעֶן פַאר דֶעם הַאר דֵיין גָאט מִיט דִיא גַאנְצֶע אוֹיסְשְׁטְרֶעקוּנְג פוּן דֵיינֶע הַאנְד׃

19 הִיט דִיךְ, אַז דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְלָאזֶען דֶעם לֵוִי אַלֶע דֵיינֶע טֶעג אוֹיף דֵיין לַאנְד׃

20 וֶוען דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט פֶערבְּרֵייטֶען דֵיינֶע גְרֶענְעֶץ, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט צוּ דִיר גֶערֶעט, אוּנְד דוּא וֶועסְט זָאגֶען, אִיךְ וֶועל עֶסֶען פְלֵייש, וָוארִין דֵיינֶע זֶעלֶע וֶועט גְלוּסְטֶען צוּ עֶסֶען פְלֵייש, מִיט דֵיינֶע גַאנְצֶע גְלוּסְטוּנְג פוּן דֵיינֶע זֶעלֶע מֶעגְסְט דוּא עֶסֶען פְלֵייש׃

21 וֶוען דֶער אָרְט וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דֶערְוֵויילֶען דָארְט אַהִין צוּ טְהוּן זֵיין נָאמֶען וֶועט וֵוייט זֵיין, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא שֶׁעכְטֶען פוּן דֵיינֶע רִינְדֶער, אוּנְד פוּן דֵיינֶע שָׁאף וָואס גָאט הָאט צוּ דִיר גֶעגֶעבֶּען, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶסֶען אִין דֵיינֶע טוֹירֶען אַלֶעס וָואס דֵיינֶע זֶעלֶע גְלוּסְטֶעט׃

22 נייעֶרְט אַזוֹי וִויא אַ הִירְשׁ אוּנְד אַ אִינְד וֶוערְט גֶעגֶעסֶען אַזוֹי מֶעגְט אִיהְר עֶס עֶסֶען, דֶער אוּמְרֵיינֶער אוּנְד דֶער רֵיינֶער מֶעג עֶס צוּזַאמֶען עֶסֶען׃

23 נייעֶרְט שְׁטַארְק דִיךְ אַז דוּא זָאלְסְט נִיט עֶסֶען דָאס בְּלוּט, וָוארִין דָאס בְּלוּט אִיז דָאס לֶעבֶּען, אוּנְד דוּא טוּרְסְט נִיט עֶסֶען דָאס לֶעבֶּען מִיט דֶעם פְלֵייש׃

24 דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט עֶסֶען, אוֹיף דֶער עֶרְד זָאלְסְט דוּא עֶס פֶערְגִיסֶען וִויא וַואסֶער׃

25 דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט עֶסֶען, אַז עֶס זָאל צוּ דִיר גוּט זֵיין אוּנְד צוּ דֵיינֶע קִינְדֶער נָאךְ דִיר, וֶוען דוּא וֶועסְט טְהוּן וָואס אִיז רֶעכְטפַארְטִיג אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט׃

26 נייעֶרְט דֵיינֶע הֵיילִיגֶע זַאכֶען וָואס וֶועלֶען צוּ דִיר זֵיין, אוּנְד דֵיינֶע נְדָרִים, זָאלְסְט דוּא נֶעמֶען אוּנְד בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם אָרְט וֶועלְכֶען גָאט וֶועט אוֹיסְדֶערְוֵויילֶען׃

27 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען דֵיינֶע קָרְבְּן עוֹלוֹת, דָאס פְלֵייש אוּנְד דָאס בְּלוּט אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אָבֶּער דָאס בְּלוּט פוּן דֵיינֶע שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער זָאל אוֹיסְגֶעגָאסֶען וֶוערֶען אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אָבֶּער דָאס פְלֵייש מֶעגְסְט דוּא עֶסֶען׃

28 הִיט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעהָארְכֶען צוּ אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע רֵייד וָואס אִיךְ

גֶעבִּיט דִיר, אַז עֶס זָאל גוּט זַיין צוּ
דִיר אוּנְד צוּ דַיינֶע קִינְדֶער נָאךְ דִיר
אוֹיף אֵייבִּיג װָען דוּא װֶעסְט טְהוּן װָאס
אִיז גוּט אוּנְד רֶעכְטפֶארְטִיג אִין דִיא
אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר דַיין גָאט׃
29 װָען דֶער הַאר דַיין גָאט װֶעט
פֶערשְׁנַיידֶען דִיא פֶעלְקֶער װְאוּ דוּא
דָארְט אַהִין קוּמְסְט זַייא צוּ פֶערְטְרַייבֶּען
פַאר דִיר, אוּנְד דוּא װֶעסְט זַייא
יַרְשְׁנְ'ן, אוּנְד װֶעסְט דִיךְ בֶּעזֶעצֶען אִין
זַייעֶר לַאנְד׃
30 אַזוֹי הִיט דִיךְ דָאס דוּא זָאלְסְט
נִיט גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט װֶערֶען זַייא נָאךְ
צוּ גֵיין, נָאכְדֶעם אַז זַייא זֶענֶען
פֶערְטִילְגְט גֶעװָארֶען פַאר דִיר, אַז דוּא
זָאלְסְט נִיט נָאכְפָארְשֶׁען נָאךְ זַיירֶע
אָפְּגֶעטֶער, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי װִיא דִיא
דָאזִיגֶע גוֹיִם דִינֶען זַיירֶע אָפְּגֶעטֶער,
אַזוֹי װֶעל אִיךְ אוֹיךְ טְהוּן׃
31 דוּא זָאלְסְט נִיט אַזוֹי טְהוּן צוּ
דֶעם הַאר דַיין גָאט, װָארִין אַלֶע אוּמְ־
װֶערְדִינְגְקֵייט פוּן גָאט װָאס עֶר הָאט
פֵיינְד טְהוּן זַייא צוּ זַיירֶע אָפְּגֶעטֶער,
װָארִין זַייא פֶערבְּרֶענֶען אוֹיךְ זַיירֶע
זִיהְן אוּנְד זַיירֶע טֶעכְטֶער אִין דֶעם
פֵייעֶר צוּ זַיירֶע אָפְּגֶעטֶער׃

## קאפיטעל יג

1 אַלֶע זַאכֶען װָאס אִיךְ גֶעבִּיט אֵייךְ,
דָאס זָאלְט אִיהְר הִיטֶען צוּ טְהוּן, דוּא
זָאלְסְט נִיט צוּטְהוּן דַאצוּ אוּנְד דוּא
זָאלְסְט נִיט מִינֶערְן דַאפוּן׃
2 װָען עֶס װֶעט צְװִישֶׁען דִיר אוֹיפְ־
שְׁטֵיין אַ נָבִיא אָדֶער אֵיינֶער װָאס
חָלוֹמְט אַ חָלוֹם, אוּנְד עֶר װֶעט דִיר
גֶעבֶּען אַ צֵייכֶען אָדֶער אַ װְאוּנְדֶער׃
3 אוּנְד דָאס צֵייכֶען אָדֶער דָאס
װְאוּנְדֶער װֶעט אָנְקוּמֶען, װָאס עֶר
הָאט צוּ דִיר גֶערֶעט, אוּנְד װֶעט זָאגֶען,
לָאמֶער נָאכְגֵיין אַנְדֶערֶע גֶעטֶער װָאס
אִיהְר הָאט נִיט גֶעקֶענְט, אוּנְד מִיר
װֶעלֶען זַייא דִינֶען׃
4 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נִיט גֶעהָארְכֶען
צוּ דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען נָבִיא אָדֶער צוּ דֶעם
דָאזִיגֶען װָאס הָאט גֶעחָלוֹמְט אַ חָלוֹם,
װָארִין דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט פְּרוּפְט
אֵייךְ אוּם צוּ װִיסֶען אוֹיבּ אִיהְר הָאט
לִיבּ דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט מִיט אֵייעֶר
גַאנְצֶען הַארְץ אוּנְד מִיט אֵיירֶע גַאנְצֶען
זֶעלֶע׃
5 נָאךְ דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט זָאלְט
אִיהְר נָאכְגֵיין, אוּנְד אִיהְם זָאלְט אִיהְר
פָארְכְטֶען, אוּנְד זַיינֶע מִצְוֹת זָאלְט
אִיהְר הִיטֶען, אוּנְד זַיינֶע שְׁטִים זָאלְט
אִיהְר גֶעהָארְכֶען, אוּנְד אִיהְם זָאלְט
אִיהְר דִינֶען, אוּנְד אָן אִיהְם זָאלְט
אִיהְר אֵייךְ בֶּעהֶעפְטֶען׃
6 אוּנְד דֶער דָאזִיגֶער נָבִיא אָדֶער
דֶער װָאס הָאט גֶעחָלוֹמְט אַ חָלוֹם זָאל
גֶעטֵייט װֶערֶען, װֵייל עֶר הָאט גֶערֶעט
אָפְּקֶעהְרוּנְג אוֹיף דֶעם הַאר אֵייעֶר
גָאט, װָאס הָאט אֵייךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט
אוֹיס דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד הָאט
דִיךְ אוֹיסְגֶעלֵייזְט פוּן דֶעם דִינְסְט־הוֹיז,
אוּם דִיךְ צוּ פֶערְשְׁטוֹיסֶען פוּן דֶעם
װֶעג װָאס דֶער הַאר דַיין גָאט הָאט
דִיר גֶעבָּאטֶען דַארִין צוּ גֵיין; אַזוֹי
װֶעסְט דוּא אוֹיסְרֵייסֶען דָאס שְׁלֶעכְטֶע
פוּן צְװִישֶׁען דִיר׃
7 װֶען דַיין בְּרוּדֶער, דֶער זוּהְן פוּן
דַיינֶע מוּטֶער אָדֶער דַיין זוּהְן, אָדֶער
דַיינֶע טָאכְטֶער, אָדֶער דַיין װַייבּ,
אָדֶער דַיין פְרֵיינְד װָאס דוּא לִיבְּסְט
װִיא דִיךְ אַלֵיין, װֶעט דִיךְ אִיבֶּערְרֶעדֶען
אִים פֶערְבָּארְגֶענִים, אוּנְד װֶעט זָאגֶען,

לָאמִער גֵיין אוּנְד דִינֶען אַנְדֶערֶע
גֶעטֶער, וואָס דוּא האָסְט נִיט גֶעקֶענְט,
דוּא אוּנְד אוֹיךְ נִיט דֵיינֶע עֶלְטֶערְן:
8 פוּן דִיא אָפְּגֶעטֶער פוּן דִיא
פֶעלְקֶער וואָס זֶענֶען אַרוּם אֵייךְ, וואָס
זֶענֶען נאָהֶענְט צוּ דִיר אָדֶער ווייט פוּן
דִיר, פוּן אֵיין עֶק פוּן דֶער עֶרְד בִּיז
צוּם אַנְדֶערְן עֶק פוּן דֶער עֶרְד:
9 דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהם נִיט גְלוּסְטֶען,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהם (אוֹיךְ) נִיט צוּ
הֶערֶען, אוּנְד דֵיין אוֹיג זָאל זִיךְ נִיט
אִיבֶּער אִיהם דֶערְבַּארְמֶען, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט אִיהם נִיט פֶערְשְׁווִיגֶען, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט אִיהם נִיט פֶערְדֶעקֶען:
10 נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט אִיהם גֶעוויס
הַארְגֶענֶען, דֵיינֶע הַאנְד זָאל אַן אִיהם
צוּעֶרְשְׁט זֵיין אוּם אִיהם צוּ הַארְגֶענֶען,
אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאל אוֹיף אִיהם זֵיין
דִיא הַאנְד פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק:
11 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהם פֶער-
שְׁטֵיינֶען מִיט שְׁטֵיינֶער אַז עֶר זָאל
שְׁטַארְבֶּען, ווארין עֶר הָאט דִיךְ
גֶעוואָלְט פֶערְשְׁטוֹיסֶען פוּן דֶעם הַאר
דֵיין גָאט וואָס הָאט דִיךְ אַרוֹיסְגֶע-
בְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, פוּן
דֶעם דִינְסְט-הוֹיז:
12 אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל זָאל עֶס הֶערֶען
אוּנְד זֵייא זָאלֶען זִיךְ פָארְכְטֶען, אוּנְד
זֵייא זָאלֶען נִיט מֶעהְרֶען צוּ טְהוּן אַ
זָאלְכֶע שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ ווִיא דָאס דָאזִיגֶע
אִין צְווִישֶׁען דִיר:
13 וֶוען דוּא וֶועסְט הֶערֶען אִין אֵיינֶע
פוּן דִיא שְׁטֶעט וואָס דֶער הַאר דֵיין
גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען, דָארְט צוּ
ווְאוֹינֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
14 עֶס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען שַׁאלְקְ-
הַאפְטִיגֶע מֶענֶער פוּן צְווִישֶׁען דִיר,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְשְׁטוֹיסֶען דִיא
אֵיינְוואוֹינֶער פוּן אִיהְרֶע שְׁטָאט אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, לָאמִיר גֵיין אוּנְד דִינֶען
אַנְדֶערֶע גֶעטֶער וואָס אִיהְר הָאט נִיט
גֶעקֶענְט:
15 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא פָארְשֶׁען, אוּנְד
אוֹיסְזוּכֶען, אוּנְד גוּט נָאכְפְרֶעגֶען, אוּנְד
וֶוען דִיא זַאךְ אִיז טַאקֶע אֶמֶת, אַז אַ
זָאלְכֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט אִיז צְווִישֶׁען
דִיר גֶעטְהוּן גֶעוואָרֶען:
16 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא שְׁלָאגֶען דִיא
אֵיינְוואוֹינֶער פוּן דֶער דָאזִיגֶע שְׁטָאט
מִיט דִיא שַׁארְפֶע פוּן דֶעם שְׁווֶערְט,
דוּא זָאלְסְט זִיא פֶערְווִיסְטֶען, אוּנְד
אַלֶעס וואָס אִיז אִין אִיהְר, אוּנְד אוֹיךְ
אִיהְרֶע בְּהֵמוֹת, מִיט דִיא שַׁארְפֶע פוּן
דֶעם שְׁווֶערְט:
17 אוּנְד דֶעם גַאנְצֶען זַאקְרוֹיב זָאלְסְט
דוּא אֵיינְזַאמֶעלְן אִין דֶער מִיטֶען פוּן
דֶער גַאס, אוּנְד דוּא זָאלְסְט פֶער-
בְּרֶענֶען דִיא שְׁטָאט אוּנְד אִיהְר גַאנְצֶען
זַאקְרוֹיב, גָאר אִים גַאנְצֶען פָאר דֶעם
הַאר דֵיין גָאט, אוּנְד זִיא זָאל זֵיין אַ
הוֹיפֶען אוֹיף אֵייבִּיג, זִיא זָאל נִיט
מֶעהְר אוֹיפְגֶעבּוֹיעט וֶוערֶען:
18 אוּנְד עֶס זָאל זִיךְ גָאר נִיט בֶּע-
הֶעפְטֶען אִין דֵיינֶע הֶענְד פוּן דֶעם
חֵרֶם, אַז גָאט זָאל זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען
פוּן זֵיין גְרִימְצָארְן, אוּנְד זָאל דִיר
גֶעבֶּען בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט, אוּנְד זִיךְ
אִיבֶּער דִיר דֶערְבַּארְמֶען, אוּנְד דִיךְ
פֶערְמֶעהְרֶען, אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט
גֶעשְׁוואָרֶען צוּ דֵיינֶע עֶלְטֶערְן:
19 וֶוען דוּא וֶועסְט הֶערֶען צוּ דִיא
שְׁטִימֶע פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט, צוּ
הִיטֶען אַלֶע זֵיינֶע מִצְוֹת וואָס אִיךְ
טְהוּא דִיר הַייטֶע גֶעבִּיטֶען, צוּ טְהוּן


וואס

וָואס אִיז רֶעכְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן
דֶעם הַאר דֵיין גָאט׃

קַאפִּיטעל יד

1 אִיהְר זֶענְט קִינְדֶער צוּ דֶעם הַאר
אֵייעֶר גָאט, אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט
צֶערְשְׁנֵיידֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ
נִיט מַאכֶען אַ קָלְהֵייט צְווִישֶׁען אֵיירֶע
אוֹיגֶען וֶועגֶען אַ טוֹיטֶען׃
2 וָוארִין דוּא בִּיזְט אַ הֵיילִיג פָאלְק
צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אוּנְד גָאט
הָאט דִיךְ אוֹיסְדֶערְוָויילְט פוּן אַלֶע
פֶעלְקֶער וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד,
צוּ אִיהְם צוּ זֵיין אַ גֶעלִיבְּטֶעס פָאלְק׃
3 דוּא טוֹרְסְט נִיט עֶסֶען קֵיינֶע אוּמְ־
ווירְדִיגֶע זַאךְ׃
4 דִיא דָאזִיגֶע בְּהֵמוֹת מֶעגְט אִיהְר
עֶסֶען, דֶעם אָקְס, דָאס יוּנְגֶע לַאם,
אוּנְד דָאס יוּנְגֶע צִיגֶענְבֶּעקֶעל׃
5 דִיא אַיְנְד, אוּנְד דֶעם הִירְשׁ, אוּנְד
דֶעם שְׁטֵיינְבָּאק, אוּנְד דִיא גַאזֶעל,
אוּנְד דִיא בֶּערְג־צִיג, אוּנְד דִיא
נֶעמִין׃
6 אוּנְד אִיטְלִיכֶע בְּהֵמָה וָואס שְׁפַּאלְט
דִיא צְווֵייא קְלוֹיעֶן אוּנְד (אִיז מַעֲלֶה
גֵרָה) טְהוּט ווִידֶער קֵייעֶן זָאלְכֶע מֶעגְט
אִיהְר עֶסֶען׃
7 נָאר דִיזֶע טוֹרְט אִיהְר נִיט עֶסֶען
פוּן דִיא וָואס טוּהֶען ווִידֶערְקֵייעֶן אוּנְד
וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעשְׁפָּאלְטֶענֶע קְלוֹיעֶן,
דָאס קֶעמֶעל, אוּנְד דֶעם הָאז, אוּנְד
דָאס קֶענִינְגֶעל, וָוארִין זֵייא טְהוּעֶן
ווִידֶערְקֵייעֶן אָבֶּער זֵייא שְׁפַּאלְטֶען נִיט
דִיא קְלוֹיעֶן, זֵייא זָאלֶען צוּ אֵייךְ זֵיין
אוּמְרֵיין׃
8 אוּנְד דָאס חַזִיר, וָוארִין עֶס שְׁפַּאלְט
דִיא קְלוֹיעֶן אָבֶּער עֶס טְהוּט נִיט
ווִידֶערְקֵייעֶן, עֶס זָאל צוּ אֵייךְ זֵיין
אוּמְרֵיין, פוּן זֵייעֶר פְלֵיישׁ זָאלְט אִיהְר
נִיט עֶסֶען, אוּנְד אָן זֵייעֶר נְבֵלָה זָאלְט
אִיהְר נִיט אָנְרִירֶען׃
9 דִיא דָאזִיגֶע מֶעגְט אִיהְר עֶסֶען פוּן
אַלֶעם וָואס אִיז אִין דֶעם וַואסֶער,
אַלֶעם וָואס הָאט פְלוֹסְפֶּעדֶערְן אוּנְד
שׁוּפֶּען מֶעגְט אִיהְר עֶסֶען׃
10 אָבֶּער אַלֶעם וָואס הָאט נִיט קֵיין
פְלוֹסְפֶּעדֶערְן אוּנְד שׁוּפֶּען זָאלְט אִיהְר
נִיט עֶסֶען, עֶס זָאל זֵיין אוּמְרֵיין צוּ
אֵייךְ׃
11 אִיטְלִיכֶען רֵיינֶעם פוֹיגֶעל מֶעגְט
אִיהְר עֶסֶען׃
12 אָבֶּער דִיזֶע פוּן זֵייא טוֹרְט אִיהְר
נִיט עֶסֶען, דֶעם אַדְלֶער, אוּנְד דֶעם
בֵּיינְבְּרֶעכֶער, אוּנְד דֶעם גְרֵייף׃
13 אוּנְד דֶעם פַאלְקֶען, אוּנְד דֶעם
גֵייעֶר, אוּנְד דִיא ווֵייהֶע נָאךְ אִיהְר
מִין׃
14 אוּ ד אַלֶערְלֵייא רָאבֶען נָאךְ זֵיין
מִין׃
15 אוּנְד דִיא יוּנְגֶע שְׁטְרוּיס, אוּנְד
דִיא נַאכְט־אֵיילֶע, אוּנְד דִיא נַאכְטִיגַאל,
אוּנְד דֶעם קוּקוּק נָאךְ זֵיין מִין׃
16 אוּנְד דִיא קְלֵיינֶע אֵיילֶע, אוּנְד
דִיא גְרוֹיסֶע אֵיילֶע, אוּנְד דֶעם שְׁוַואן׃
17 אוּנְד דֶעם פֶּעלִיקַאן אוּנְד דֶעם
אַאַס־גֵייעֶר אוּנְד דֶעם שְׁטוּרְץ־פֶּעלִיקַאן׃
18 אוּנְד דֶעם שְׁטָארְךְ, אוּנְד דֶעם
ווִידֶע־הָאפְּף נָאךְ זֵיין מִין, אוּנְד דֶעם
אוֹיעֶרְהַאהְן, אוּנְד דִיא שְׁוַואלְב׃
19 אוּנְד אַלֶע ווִידְמוּנְג פוּן פֵייגֶעל
זָאל צוּ אֵייךְ זֵיין אוּמְרֵיין, אִיהְר טוֹרְט
זֵייא נִיט עֶסֶען׃
20 אַ טְלִיכֶען רֵיינֶעם פוֹיגֶעל מֶעגְט
אִיהְר עֶסֶען׃
21 אִיהְר טוֹרְט נִיט עֶסֶען קֵיינֶערְלֵייא

נבלה

נְבֵלָה, צוּ דֶעם גֵר וָואס אִיז אִין דֵיינֶע
טוֹירֶען מֶעג עֶס גֶעגֶעבֶּען װֶוערֶען, אוּנְד
עֶר זָאל עֶס עֶסֶען, אָדֶער דוּא מֶעגְסְט
עֶס פֶּערְקוֹיפֶען צוּ אַ פְּרֶעמְדֶען, וָוארִין
דוּא בִּיזְט אַ הֵיילִיג פָאלְק צוּ דֶעם
הַאר דֵיין גָאט. דוּא זָאלְסְט נִיט קָאכֶען
אַ צִיקֶעלֶע אִין דִיא מִילְךְ פוּן זֵיינֶע
מוּטֶער:

22 דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען מַעֲשֵׂר פוּן
דֵיין גַאנְצֶען אֵיינְקוּמֶען פוּן דֵיין זָאמֶען
וָואס װֶעט אַרוֹיסְגֵיין פוּן דֶעם פֶעלְד
אַלֶע יָאהְר:

23 אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶסֶען פַאר דֶעם
הַאר דֵיין גָאט אִין דֶעם אָרְט וָואס
עֶר הָאט אוֹיסְדֶערְוֶוילְט אַז זֵיין נָאמֶען
זָאל דָארְט רוּהֶען; דָאס מַעֲשֵׂר פוּן
דֵיין קָארְן, פוּן דֵיין װַיין, אוּנְד פוּן
דֵיין אֵייל, אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטְלִינְגֶע
(בכורות) פוּן דֵיינֶע רִינְדֶער אוּנְד פוּן
דֵיינֶע שָׁאף, אַז דוּא זָאלְסְט לֶערְנֶען
צוּ פָארְכְטֶען דֶעם הַאר דֵיין גָאט
אַלֶע טֶעג:

24 אוּנְד װֶען דֶער װֶעג װֶעט פוּן דִיר
װַייט זֵיין, אַז דוּא װֶעסְט עֶס נִיט
קֶענֶען טְרָאגֶען, װַייל דֶער אָרְט װֶעט
פַאר דִיר װַייט זֵיין וָואס דֶער הַאר
דֵיין גָאט װֶעט אוֹיסְדֶערְוֶוילֶען דָארְטֶען
זֵיין נָאמֶען צוּ טְהוּן, וָוארִין דֶער הַאר
דֵיין גָאט װֶעט דִיךְ בֶּענְשֶׁען:

25 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא עֶס גֶעבֶּען
(אָדֶער פֶּערְקוֹיפֶען) פַאר גֶעלְט; אוּנְד
דוּא זָאלְסְט אֵיינְבִּינְדֶען דָאס גֶעלְט אִין
דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֵיין צוּ
דֶעם אָרְט וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט
הָאט אִיהם אוֹיסְדֶערְוֶוילְט:

26 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען דָאס
גֶעלְט פַאר אַלֶעס וָואס דֵיין לֵייב װֶעט
גְלוּסְטֶען, פַאר רִינְדֶער, אוּנְד פַאר שָׁאף,
אוּנְד פַאר װַיין, אוּנְד שְׁטַארְקֶען װַיין,
אוּנְד פַאר אַלֶעס וָואס דוּא װֶעסְט
בֶּעגֶעהְרֶען, אוּנְד זָאלְסְט דָארְטֶען
עֶסֶען פַאר דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט דִיךְ פְרֵייעֶן אוּנְד דֵיין
הוֹיזְגֶעזִינְד:

27 אוּנְד דֶעם לֵוִי וָואס אִיז אִין דֵיינֶע
טוֹירֶען זָאלְסְט דוּא נִיט פֶערְלָאזֶען,
וָוארִין עֶר הָאט נִיט קֵיין טֵייל אוּנְד
נַחֲלָה מִיט דִיר:

28 אִין דֶעם עֶנְד פוּן דְרֵייא יָאהְר
זָאלְסְט דוּא אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען דָאס גַאנְצֶע
מַעֲשֵׂר פוּן דֵיין אֵיינְקוּמֶען אִין דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען יָאהְר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס
אַרֵיינְלֵייגֶען אִין דֵיינֶע טוֹיעֶרן:

29 אוּנְד דֶער לֵוִי זָאל קוּמֶען, וָוארִין
עֶר הָאט נִיט קֵיין טֵייל אוּנְד קֵיין
נַחֲלָה מִיט דִיר, אוּנְד דֶער גֵר, אוּנְד
דֶער יָתוֹם, אוּנְד דִיא אַלְמָנָה וָואס
זֶענֶען אִין דֵיינֶע טוֹיעֶרן, אַז זֵייא
זָאלֶען עֶסֶען אוּנְד זַאט װֶערֶען, דְרוּם
װֶעט דִיךְ דֶער הַאר דֵיין גָאט בֶּענְשֶׁען
אִין אַלֶע װֶערְק פוּן דֵיינֶע הֶענְד וָואס
דוּא װֶעסְט טְהוּן:

## קאפיטעל טו

1 אִין דֶעם עֶנְד פוּן זִיבֶּען יָאהְר
זָאלְסְט דוּא מַאכֶען שְׁמִטָּה:

2 אוּנְד דָאס אִיז דִיא זַאךְ פוּן דֶער
שְׁמִטָּה, אִיטְלִיכֶער עֶנְטְלֵייהֶער זָאל לוֹיז
לָאזֶען וָואס זֵיינֶע הַאנְד הָאט זֵיין חָבֵר
גֶעלִיהֶען, עֶר זָאל נִיט מָאנֶען זֵיין חָבֵר
אוּנְד זֵיין בְּרוּדֶער, וָוארִין מַאן הָאט
אוֹיסְגֶערוּפֶען אַ שְׁמִטָּה צוּ גָאט:

3 דֶעם פְּרֶעמְדֶען מֶעגְסְט דוּא מָאנֶען,
אָבֶּער דָאס וָואס אִיז דֵיין בֵּייא דֵיין
בְּרוּדֶער, זָאל דֵיינֶע הַאנְד לוֹיז לָאזֶען:

4 נֵייעֶרְט אַז עֶס זָאל מִיט דִיר נִיט
זַיין אֵיין אָרֶעמֶער, וָוארִין גָאט וֶועט
דִיךְ גֶעוִויס בֶּענְשֶׁען אִין דֶעם לַאנְד
וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט צוּ דִיר
גֶעבֶּען אַלְס אַן עֶרְבְּטֵייל, עֶס צוּ יַרְשְׁנֶ'ן :
5 נוּר וֶוען דוּא וֶועסְט גֶעהָארְכֶען צוּ
דֶער שְׁטִים פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט,
צוּ הִיטֶען אוּנְד צוּ טְהוּן דִיא דָאזִיגֶע
גַאנְצֶע מִצְוֹת וָואס אִיךְ טְהוּ דִיר
הֵיינְט גֶעבִּיטֶען :
6 וָוארִין, דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט
דִיךְ גֶעבֶּענְשְׁט, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט
דִיר צוּגֶעזָאגְט—אוּנְד דוּא וֶועסְט בָּארְגֶען
צוּ פִילֶע פֶעלְקֶער, אָבֶּער דוּא וֶועסְט
נִיט גֶעבָּארְגט נֶעמֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט
רֶעגִירֶען אִיבֶּער פִילֶע פֶעלְקֶער אָבֶּער
זֵייא וֶועלֶען נִיט אִיבֶּער דִיר רֶעגִירֶען :
7 וֶוען עֶס וֶועט אוּנְטֶער דִיר זַיין אַ
נוֹיטְבֶּעדֶערְפְטִיגֶער, פוּן אֵיינֶעם פוּן
דֵיינֶע בְּרִידֶער, אִין אֵיינֶעם פוּן דֵיינֶע
טוֹיעֶרְן, אִין דֵיין לַאנְד, וָואס דֶער הַאר
דֵיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען, אַזוֹי
זָאלְסְט דוּא נִיט דֵיין הַארְץ פֶערְ־
שְׁטַארְקֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט דֵיינֶע
הַאנְד פֶערְשְׁלִיסֶען פוּן דֵיין פֶערְ־
אָרֶעמְטֶען בְּרוּדֶער :
8 נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט דֵיינֶע הַאנְד
צוּ אִיהְם אוֹיפְמַאכֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
אִיהְם גֶענוּג לֵייעֶן אַזוֹי פִיל וִויא אִיהְם
פֶעהְלְט :
9 דוּא זָאלְסְט דִיךְ הִיטֶען, טָאמֶער
וֶועט זַיין אַ שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ אִין דֵיין
הַארְץ אוּנְד דוּא וֶועסְט זָאגֶען, דָאס
זִיבֶּעטֶע יָאהְר, דָאס יָאהְר פוּן שְׁמִטָּה
גֶענֶעהְנְט, אוּנְד דֵיין אוֹיג וֶועט זַיין
שְׁלֶעכְט קֶעגֶען דֵיין פֶערָארֶעמְטֶען
בְּרוּדֶער, אוּנְד דוּא וֶועסְט אִיהְם נִיט
גֶעבֶּען, וֶוען עֶר וֶועט קֶעגֶען דִיר
רוּפֶען צוּ גָאט, אַזוֹי וֶועט עֶס זַיין צוּ
דִיר אַ זִינְד :
10 דוּ זָאלְסְט אִיהְם גֶעוִויס גֶעבֶּען ;
אוּנְד לָאז דֵיין הֶערְץ נִיט שְׁלֶעכְט זַיין
וֶוען דוּא גֶעבְּסְט צוּ אִיהְם ; וָוארִין
וֶועגֶען דֶער דָאזִיגֶע זַאךְ וֶועט דִיךְ דֶער
הַאר דֵיין גָאט בֶּענְשֶׁען אִין אַלֶע דֵיינֶע
וֶוערְק, אוּנְד אִין אַלֶע אוֹיסְשְׁטְרֶעקוּנְג
פוּן דֵיינֶע הֶענְד :
11 וָוארִין דֶער אָרֶעמֶער וֶועט נִיט
אוֹיפְהֶערֶען פוּן צְוִוישֶׁען דֶעם לַאנְד,
דַארוּם הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעבָּאטֶען, אוּנְד
גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט עֶפֶענֶען דֵיינֶע
הַאנְד צוּ דֵיין בְּרוּדֶער, צוּ דֶעם אָרֶעמֶען,
אוּנְד צוּ דֶעם נוֹיטְבֶּעדַארְפְטִיגֶען אִין
דֵיין לַאנְד :
12 וֶוען דֵיין בְּרוּדֶער אִיז צוּ דִיר
פֶערְקוֹיפְט גֶעוָוארֶען, אֵיין עִבְרִי אָדֶער
אֵיינֶע עִבְרִישֶׁע, אוּנְד הָאט בֵּייא דִיר
גֶעדִינְט זֶעכְס יָאהְר, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא
אִיהְם אִין דֶעם זִיבֶּענְטֶען יָאהר פְרֵייא
לָאזֶען פוּן דִיר :
13 אוּנְד וֶוען דוּא שִׁיקְסְט אִיהְם
אַוֶועק פוּן דִיר פְרֵייא, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא
אִיהְם נִיט לֵיידִיג אַוֶועקְשִׁיקֶען :
14 דוּא זָאלְסְט אִיהְם גוּט אָנְלָאדֶען
פוּן דֵיינֶע שָׁאף, אוּנְד פוּן דֵיינֶע שֵׁייעֶר
תְּבוּאָה, אוּנְד פוּן דֵיינֶע קֶעלְטֶער אִין
וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיךְ
גֶעבֶּענְשְׁט זָאלְסְט דוּא אִיהְם גֶעבֶּען :
15 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעדֶענְקֶען דָאס
דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אַ קְנֶעכְט אִין דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד דֶער הַאר דֵיין
גָאט הָאט דִיךְ אוֹיסְגֶעלֵייזְט, דַארוּם
טְהוּא אִיךְ דִיר דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ הֵיינְט
גֶעבִּיטֶען :

16 אונד עס װעט זיין, װען (דיין
קנעכט) װעט צו דיר זאגען, איך װיל
ניט פון דיר ארויסגיין, װארין איך
האב דיך אונד דיין הויזגעזינד ליב,
װייל עס איז איהם בייא דיר גוט
געװעזען:
17 אזוי זאלסט דוא נעמען איין אעל
אונד זאלסט איהם דורכבוירען זיין
אויער אן דער טיר, אונד ער זאל צו
דיר זיין א קנעכט אויף אייביג, אונד
אויך צו דיינע דינסטמייד זאלסט דוא
אויך אזוי טהון:
18 עס זאל ניט זיין הארט אין דיינע
אויגען דאס דוא שיקסט איהם פון
דיר אװעק פרייא, װארין ער איז װערט
א דאפעלטען לוין װען ער דינט דיר
זעקס יאהר, אונד דער האר דיין גאט
װעט דיך בענשען אין אלעם װאס
דוא װעסט טהון:
19 איטליכען בכור װאס װעט צו דיר
געבוירען װערען אונטער דיינע רינדער
אונד אונטער דיינע שאף, װאס איז א
זכר, זאלסט דוא היילינגען צו דעם
האר דיין גאט, דוא טורסט ניט
ארבייטען מיט דעם בכור פון דיינע
אקסען, אונד דוא זאלסט ניט שערען
ד א בכורים פון דיינע שאף:
20 פאר דעם האר דיין גאט זאלסט
דוא עס עסען איטליכעס יאהר, אין
דעם ארט װאס גאט װעט אויסדער־
װיילען, דוא אונד דיין הויזגעזינד:
21 אונד װען עס װעט דאראן זיין א
מום,—הינקעדיג אדער בלינד, (אדער
אן אנדערער שלעכטער מום, אזוי
זאלסט דוא עס ניט מקריב זיין צו
דעם האר דיין גאט:
22 אין דיינע טויערן מעגסט דוא עס
עסען, דער אומרייניגער אונד דער
ריינער צוזאמען, אזוי װיא דעם הירש
אונד דעם איינד (סארנע):
23 נור זיין בלוט זאלסט דוא ניט
עסען, דוא זאלסט עס פערגיסען אויף
דער ערד װיא װאסער:

## קאפיטעל טז

1 דוא זאלסט היטען דעם חודש
אביב, אונד דוא זאלסט מאכען פסח
צו דעם האר דיין גאט; װארין אין
דעם חודש אביב האט דיך דער האר
דיין גאט ארויסגעצויגען פון מצרים
בייא נאכט:
2 אונד דוא זאלסט שעכטען דאס
(קרבן) פסח צו דעם האר דיין גאט,
שאף אונד רינדער, אין דעם ארט
װאס גאט װעט אויסדערװיילען אז זיין
נאמען זאל דארט רוהען:
3 דוא זאלסט ניט דאמיט עסען קיין
חמץ, זיבען טעג זאלסט דוא דאמיט
עסען מצות, (עס איז) ברויט פון פיין,
װארין מיט איילינקייט ביזט דוא
ארויסגעגאנגען אויס מצרים, דארום
זאלסט דוא געדענקען דעם טאג װאס
דוא ביזט ארויסגעגאנגען אויס דעם
לאנד מצרים, אלע דיינע לעבענסטעג:
4 אונד עס זאל בייא דיר קיין
זויערטייג ניט געזעהען װערען אין
אלע דיינע גרענעצען זיבען טעג;
אונד עס זאל ניט איבערנעכטיגען פון
דעם פלייש װאס דוא װעסט שעכטען
אין דעם אבענד פון דעם ערשטען
טאג, ביז צו מארגענס:
5 דוא טורסט ניט מקריב זיין דאס
קרבן פסח אין אירגענד איינעם פון
דיינע טויערן װאס דער האר דיין גאט
װעט דיר געבען:

6 נֵייעֶרְט נוּר אוֹיף דֶעם אָרְט וָואס
דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט אוֹיסְדֶערְ־
וֶוויילֶען אַז זַיין נָאמֶען זָאל דָארְט
רוּהֶען, דָארְטֶען זָאלְסְט דוּא מַקְרִיב
זַיין דָאס קָרְבָּן פֶּסַח אִין דֶעם אָבֶענְד
וָוען דִיא זוּן גֵייט אוּנְטֶער, אִין
דִיא צַייט פוּן דֵיין אַרוֹיסְגֵיין אוֹיס
מִצְרַיִם׃
7 אוּנְד דוּא זָאלְסְט קָאכֶען אוּנְד
עֶסֶען אִין דֶעם אָרְט וָואס דֶער הַאר
דֵיין גָאט וֶועט אוֹיסְדֶערְוֶויילֶען, אוּנְד
אִין דֶער פְרִיה זָאלְסְט דוּא דִיךְ
אוּמְקֶערֶען אוּנְד מֶעגְסְט גֵיין צוּ דֵיינֶע
גֶעצֶעלְטֶער׃
8 זֶעקְס טֶעג זָאלְסְט דוּא עֶסֶען מַצּוֹת,
אוּנְד אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג זָאל זַיין
אַן אוֹיפְהַאלְטוּנְג צוּ דֶעם הַאר דֵיין
גָאט, דוּא טוּרְסְט נִיט קֵיין מְלָאכָה
טְהוּן׃
9 זִיבֶּען וָואכֶען זָאלְסְט דוּא צוּ דִיר
צֵיילֶען, פוּן דֶעם אָנְהֵייבּ פוּן דֶעם
שְׁנֵייד־מֶעסֶער, אִין דִיא שְׁטֵייעֶנְדִיגֶע
תְּבוּאָה זָאלְסְט דוּא אָנְהֵייבֶּען צוּ
צֵיילֶען דִיא זִיבֶּען וָואכֶען׃
10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען דֶעם
חַג שָׁבוּעוֹת צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט
מִיט אַ פְרֵייוִוילִיגֶע גָאבּ פוּן דֵיין
פֶערְמֶעגֶען וָואס דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען
לוֹיט דֶעם וִויא דֶער הַאר דֵיין גָאט
וֶועט דִיךְ הָאבֶּען גֶעבֶּענְשְׁט׃
11 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ פְרֵייעֶן פַאר
דֶעם הַאר דֵיין גָאט, דוּא אוּנְד דֵיין
זוּהְן, אוּנְד דֵיינֶע טָאכְטֶער, אוּנְד דֵיין
קְנֶעכְט, אוּנְד דֵיינֶע דִינְסְטמֵייד, אוּנְד
דֶער לֵוִי וָואס אִיז אִין דֵיינֶע טוֹיעֶרֶן,
אוּנְד דֶער גֵר, אוּנְד דֶער יָתוֹם אוּנְד
דִיא אַלְמָנָה וָואס זֶענֶען צְוִוישֶׁען דִיר,
אִין דֶעם אָרְט וָואס דֶער הַאר דֵיין
גָאט וֶועט אוֹיסְדֶערְוֶויילֶען אַז זַיין
נָאמֶען זָאל דָארְטֶען רוּהֶען׃
12 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעדֶענְקֶען דָאס
דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אַ קְנֶעכְט אִין
מִצְרַיִם, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא הִיטֶען אוּנְד
טְהוּן דִיא דָאזִיגֶע גֶעזֶעץ׃
13 דֶעם יוֹם טוֹב פוּן סוּכּוֹת זָאלְסְט
דוּא צוּ דִיר מַאכֶען זִיבֶּען טֶעג, וָוען
דוּא וֶועסְט אֵיינְזַאמֶעלְן פוּן דֵיינֶע
שֵׁייעֶר אוּנְד פוּן דֵיינֶע קֶעלְטֶער׃
14 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ פְרֵייעֶן אִין
דֵיין פֵייעֶרְטָאג, דוּא אוּנְד דֵיין זוּהְן
אוּנְד דֵיינֶע טָאכְטֶער, אוּנְד דֵיין קְנֶעכְט,
אוּנְד דֵיינֶע דִינְסְטמֵייד אוּנְד דֶער לֵוִי,
אוּנְד דֶער גֵר, אוּנְד דֶער יָתוֹם, אוּנְד
דִיא אַלְמָנָה וָואס זֶענֶען אִין דֵיינֶע
טוֹיעֶרֶן׃
15 זִיבֶּען טֶעג זָאלְסְט דוּא הַאלְטֶען
יוֹם טוֹב צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אִין
דֶעם אָרְט וָואס גָאט הָאט אוֹיסְדֶערְ־
וֶוויילְט, וָוארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט
וֶועט דִיךְ בֶּענְשֶׁען, אִין דֵיינֶע גַאנְצֶע
תְּבוּאָה, אוּנְד אִין אַלֶע וֶוערְק פוּן
דֵיינֶע הֶענְד, דַארוּם זָאלְסְט דוּא דִיךְ
נוּר פְרֵייעֶן׃
16 דְרֵייא מָאל אִים יָאהְר זָאלֶען אַלֶע
דֵיינֶע זְכָרִים גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען פַאר
דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אִין דֶעם אָרְט
וָואס עֶר וֶועט אוֹיסְדֶערְוֶויילֶען, אַן
פֶּסַח, אוּנְד אַן שָׁבוּעוֹת, אוּנְד אַן
סוּכּוֹת, אוּנְד דָאס פָּנִים פוּן גָאט זָאל
נִיט לֵיידִיג גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען׃
17 אִיטְלִיכֶער זָאל גֶעבֶּען נָאךְ זַיין
פֶערְמֶעגֶען נָאךְ, נָאךְ דִיא בְּרָכָה פוּן
דֶעם הַאר דֵיין גָאט וָואס עֶר הָאט צוּ
דִיר גֶעגֶעבֶּען׃

שׁוֹפְטִים

18 רִיכְטֶער אוּנְד אַמְטסְלֵייט זָאלְסְט דוּא דִיר אָנְשְׁטֶעלֶען אִין אַלֶע דֵיינֶע טוֹיעֶרֶען, וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען, צוּ דֵיינֶע שְׁבָטִים, אוּנְד זֵייא זָאלֶען רִיכְטֶען דָאס פָאלְק מִיט אַ גֶערֶעכְט מִשְׁפָּט:

19 דוּא זָאלְסְט נִיט אָפְּנֵייגֶען דָאס מִשְׁפָּט, דוּא זָאלְסְט נִיט דֶערְקֶענֶען קֵיין פָּנִים, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט נֶעמֶען קֵיין שׁוֹחַד, וָוארִין דֶער שׁוֹחַד מַאכְט בְּלִינְד דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא חֲכָמִים, אוּנְד פֶערְקֶעהְרְט דִיא וֶוערְטֶער פוּן דִיא גֶערֶעכְטֶע:

20 גַאנְצֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט זָאלְסְט דוּא נָאכְיָאגֶען, אַז דוּא זָאלְסְט לֶעבֶּען אוּנְד יַרְשְׁנְ׳ן דָאס לַאנְד וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען:

21 דוּא טוֹרְסְט דִיר נִיט פְּלַאנְצֶען אַ לִינְדֶען בּוֹים, קֵיינֶערְלֵייא בֵּיימֶער נֶעבֶּען דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט, וָואס דוּא וֶועסְט דִיר מַאכֶען:

22 אוּנְד דוּא טוֹרְסְט דִיר נִיט אוֹיפְ־שְׁטֶעלֶען אַ מַצֵּבָה וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט פֵיינְד:

קאַפּיטעל יז

1 דוּא זָאלְסְט נִיט שֶׁעכְטֶען (מַקְרִיב זֵיין) צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אַן אָקְס אָדֶער אַ לַאם וָואס הָאט אַ מוּם, אָדֶער אִירְגֶענְד אַ שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ, וָוארִין דָאס אִיז אַן אוּמְווִירְדִיגְקֵייט צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט:

2 וֶוען עֶס וֶועט זִיךְ גֶעפִינֶען אִין אֵיינֶע פוּן דֵיינֶע שְׁטֶעט וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען, אַ מַאן אָדֶער אַ פְרוֹיא וָואס וֶועט טְהוּן בֵּייזֶעס אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט, זֵיין בְּרִית צוּ אִיבֶּער־טְרֶעטֶען:

3 אוּנְד עֶר וֶועט גֵיין אוּנְד דִינֶען אַנְדֶערֶע גֶעטֶער, אוּנְד וֶועט זִיךְ צוּ זֵייא בִּיקֶען; אוּנְד צוּ דִיא זִין אָדֶער צוּ דֶער לְבָנָה, אָדֶער צוּ דֶער גַאנְצֶען הֶערְשָׁאר פוּן דֶעם הִימֶעל, וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר נִיט גֶעבָּאטֶען:

4 אוּנְד עֶס אִיז דִיר אָנְגֶעזָאגְט גֶע־וָוארֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט עֶס גוּט אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט, אוּנְד זֶעה, דִיא זַאךְ אִיז טַאקִי אֱמֶת, אַז דִיא דָאזִיגֶע אוּמְווִירְדִיגְקֵייט אִיז גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען אִין יִשְׂרָאֵל:

5 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען דֶעם דָאזִיגֶען מַאן אָדֶער דִיא דָאזִיגֶע פְרוֹיא וָואס הָאט דָאס דָאזִיגֶע שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן צוּ דֵיינֶע טוֹיעֶרְן, אוּנְד אִיהְר זָאלְט דֶעם מַאן אָדֶער דִיא פְרוֹיא שְׁטֵיינִיגֶען מִיט שְׁטֵיינֶער אַז עֶר זָאל שְׁטַארְבֶּען:

6 דוּרְךְ צְוֵוייא אָדֶער דְרֵייא עֵדוּת זָאל עֶר גֶעטֵייט וֶוערֶען, עֶר זָאל נִיט גֶעטֵייט וֶוערֶען דוּרְךְ אֵיין עֵדוּת:

7 דִיא הַאנְד פוּן דִיא עֵדוּת זָאל צוּעֶרְשְׁט אַן אִיהְם זֵיין אוּם אִיהְם צוּ טֵייטֶען, אוּנְד דֶער נָאךְ דִיא הַאנְד פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, אוּנְד אַזוֹי וֶועסְט דוּא אוֹיס רוֹימֶען דָאס שְׁלֶעכְטֶע פוּן צְוִוישֶׁען דִיר:

8 וֶוען אַ זַאךְ פוּן מִשְׁפָּט וֶועט פוּן דִיר פֶערְהוֹילֶען זֵיין, וָואס אִיז צְוִוישֶׁען בְּלוּט אוּנְד בְּלוּט, צְוִוישֶׁען גֶערִיכְט אוּנְד גֶערִיכְט, אוּנְד צְוִוישֶׁען אַ שְׁלַאג אוּנְד אַ שְׁלַאג, אַלֶע שְׁטְרֵייט זַאכֶען אִין דֵיינֶע טוֹיעֶרְן, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד אַרוֹיפְגֵיין צוּ דֶעם אָרְט

וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט אִיהְם
אויסְדֶערְוֶוויילֶען :
9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט קוּמֶען צוּ דִיא
כֹּהֲנִים, דִיא לְוִיִם, אוּנְד צוּ דֶעם
רִיכְטֶער וָואס וֶועט זַיין אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע
טֶעג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אויסְפָארְשֶׁען,
אוּנְד זַייא וֶועלֶען דִיר זָאגֶען דִיא זַאךְ
פוּן דֶעם מִשְׁפָּט :
10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן לוֹיט דֶעם
וָוארְט וָואס זַייא וֶועלֶען דִיר זָאגֶען
פוּן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען אָרְט וָואס גָאט וֶועט
אויסְדֶערְוֶוויילֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט הִיטֶען
צוּ טְהוּן נָאךְ אַלֶעם וָואס זַייא וֶועלֶען
דִיךְ לֶעהְרֶען :
11 לוֹיט דֶער תּוֹרָה וָואס זַייא וֶועלֶען
דִיךְ לֶעהְרֶען אוּנְד נָאךְ דֶעם מִשְׁפָּט
וָואס זַייא וֶועלֶען דִיר זָאגֶען זָאלְסְט
דוּא טְהוּן, דוּא זָאלְסְט נִיט אָפְּקֶעהְרֶען
פוּן דֶער זַאךְ וָואס זַייא וֶועלֶען דִיר
זָאגֶען, רֶעכְטְס אָדֶער לִינְקְס :
12 אוּנְד דֶער מֶענְשׁ וָואס וֶועט עֶס
מוּטְוִוילִיג טְהוּן, אוּנְד עֶר וֶועט נִיט
הֶערֶען צוּ דֶעם כֹּהֵן וָואס שְׁטֵייט דָארְט
צוּ דִינֶען פַאר דֶעם הַאר דֵיין גָאט,
אָדֶער צוּ דֶעם רִיכְטֶער, אַזוֹי זָאל דֶער
דָאזִיגֶער מַאן גֶעטֵייט וֶוערֶען, אוּנְד
דוּא וֶועסְט אויסְרוֹימֶען דָאס בֵייזֶע
פוּן יִשְׂרָאֵל :
13 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל עֶס
הֶערֶען אוּנְד זָאלֶען זִיךְ פָארכְטֶען,
אוּנְד זַייא זָאלֶען נִיט מֶעהְר מוּטְ־
וִוילִיגֶען :
14 וֶוען דוּא וֶועסְט אַרֵיינְקוּמֶען אִין
דֶעם לַאנְד וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט
וֶועט דִיר גֶעבֶּען, אוּנְד וֶועסְט עֶס
עֶרְבֶּען, אוּנְד דַארִין וְואוֹינֶען, אוּנְד דוּא
וֶועסְט זָאגֶען, אִיךְ וִויל אִיבֶּער מִיר
מַאכֶען אַ מֶלֶךְ אַזוֹי וִויא אַלֶע פֶעלְקֶער
וָואס זֶענֶען רִינְגְס אַרוּם מִיר :
15 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אִיבֶּער דִיר
מַאכֶען אַ מֶלֶךְ, אַ זָאלְכֶען וָואס דֶער
הַאר דֵיין גָאט וֶועט אויסְדֶערְוֶוויילֶען,
פוּן צְוִוישֶׁען דֵיינֶע בְּרִידֶער זָאלְסְט דוּא
אִיבֶּער דִיר מַאכֶען אַ מֶלֶךְ, דוּא טוֹרְסְט
נִיט אִיבֶּער דִיר גֶעבֶּען אַ פְרֶעמְדֶען
מֶענְשׁ וָואס אִיז נִיט פוּן דֵיינֶע
בְּרִידֶער :
16 נֵייעֶרְט עֶר זָאל זִיךְ נִיט פֶערְמֶעהְרֶען
פֶערְד, אוּנְד עֶר זָאל אוֹיךְ נִיט דָאס
פָאלְק צוּרִיק בְּרֶענְגֶען נָאךְ מִצְרַיִם, אַז
עֶר זָאל פֶערְמֶעהְרֶען פֶערְד, וָוארִין
גָאט הָאט צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אִיהְר
זָאלְט נִיט מֶעהְר צוּרִיק קֶעהְרֶען אוֹיף
דֶעם דָאזִיגֶען וֶועג :
17 אוּנְד עֶר זָאל זִיךְ אוֹיךְ נִיט פֶערְ־
מֶעהְרֶען ווייבֶּער, אַז זַיין הַארְץ זָאל
נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט וֶוערֶען, אוּנְד עֶר זָאל
זִיךְ אוֹיךְ נִיט פֶערְמֶעהְרֶען זֶעהְר פִיל
זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד :
18 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז וֶוען עֶר
וֶועט זִיצֶען אוֹיף דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען
שְׁטוּהְל, אַזוֹי זָאל עֶר זִיךְ אָפְּשְׁרֵייבֶּען
דִיא דָאזִיגֶע תּוֹרָה אִין אַ בּוּךְ פוּן פַאר
דִיא כֹּהֲנִים, דִיא לְוִיִם :
19 אוּנְד עֶס זָאל מִיט אִיהְם זַיין,
אוּנְד עֶר זָאל דַארִין לֵייגֶען אַלֶע זֵיינֶע
לֶעבֶּענְסְטָאג ; אַז עֶר זָאל לֶערְנֶען צוּ
פָארכְטֶען דֶעם הַאר זַיין גָאט, אוּנְד צוּ
הִיטֶען אַלֶע וֶוערְטֶער פוּן דֶער דָאזִיגֶער
תּוֹרָה, אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע גֶעזֶעצֶע, אַז עֶר
זָאל זַייא טְהוּן :
20 אַז זַיין הַארְץ זָאל זִיךְ נִיט דֶערְ־
הֵייבֶען אִיבֶּער זֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד אַז
עֶר זָאל נִיט אָפְּקֶעהְרֶען פוּן דֶער מִצְוָה

אויף דֶער רֶעכְטֶער זַייט אוּנְד אוֹיף
דֶער לִינְקֶען זַייט, אוּנְד אַז עֶר זָאל
פֶערלֶענְגֶערְן דִיא טֶעג אוֹיף זַיין
קֶענִיגְרַייךְ, עֶר אוּנְד זַיינֶע זִיהְן
צְווִישֶׁען יִשְׂרָאֵל׃

קאפיטעל יח

1 עֶס זָאל נִיט זַיין צוּ דִיא כֹּהֲנִים
דִיא לְוִים, צוּ דֶעם גַאנְצֶען שֵׁבֶט לֵוִי
אַ טֵייל אָדֶער אַ נַחֲלָה מִיט יִשְׂרָאֵל,
דִיא פַייעֶר אָפְּפֶער פוּן גָאט, אוּנְד זַיין
נַחֲלָה, זָאלֶען זַייא עֶסֶען׃
2 אָבֶּער עֶר זָאל נִיט הָאבֶּען אַ נַחֲלָה
צְווִישֶׁען זַיינֶע בְּרִידֶער, (וָוארִין גָאט
אִיז זַיין נַחֲלָה, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט צוּ
אִיהְם גֶערֶעט׃
3 אוּנְד דָאס זָאל זַיין דָאס רֶעכְט
פוּן דִיא כֹּהֲנִים פוּן דֶעם פָאלְק, פוּן
דֶעם וָואס זַייא וֶועלֶען שֶׁעכְטֶען אַ
קָרְבָּן, אוֹיבּ פוּן אַ אָקְס אָדֶער אַ לַאם,
זָאל גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ דֶעם כֹּהֵן,
דִיא שָׁאלְטֶער אוּנְד דִיא (צְוַוייא)
קִין־בַּאקֶען, אוּנְד דֶען מָאגֶען׃
4 דָאס עֶרְשְׁטֶע פוּן דַיין קָארְן, פוּן
דַיין וויין, אוּנְד פוּן דַיין אֵייל, אוּנְד
דָאס עֶרְשְׁטֶע פוּן דֶער שֶׁערוּנְג פוּן
דַיינֶע שָׁאף זָאלְסְט דוּא צוּ אִיהְם
גֶעבֶּען׃
5 וָוארִין אִיהְם הָאט דֶער הַאר דַיין
גָאט אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְט פוּן אַלֶע דַיינֶע
שְׁבָטִים צוּ שְׁטֵיין אוּנְד צוּ דִינֶען אִין
דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט, עֶר אוּנְד זַיינֶע
זִיהְן אַלֶע טֶעג׃
6 אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט קוּמֶען אַ לֵוִי
פוּן אֵיינֶעם פוּן דַיינֶע טוֹירֶען פוּן גַאנְץ
יִשְׂרָאֵל וְוּאוּ עֶר הָאט דָארְט גֶעוָואוֹינְט,
אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען מִיט דֶעם
גַאנְצֶען גְלוּסְטֶען פוּן זַיינֶער זֶעלֶע צוּ
דֶעם אָרְט וָואס גָאט וֶועט אוֹיסְדֶערְ־
וֶוייְלֶען׃
7 אוּנְד עֶר וֶועט דִינֶען אִין דֶעם
נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר זַיין גָאט, אַזוֹי
וִויא אַלֶע זַיינֶע בְּרִידֶער, דִיא לְוִים,
וָואס שְׁטֵייעֶן דָארְט פַאר גָאט׃
8 אַזוֹי זָאלֶען זַייא עֶסֶען אֵיין חֵלֶק
וִויא דָאס אַנְדֶערֶע חֵלֶק, חוּץ דֶעם
וָואס עֶר הָאט פֶערְקוֹיפְט פוּן דִיא
אָבוֹת׃
9 וֶוען דוּא וֶועסְט קוּמֶען צוּ דֶעם
לַאנְד וָואס דֶער הַאר דַיין גָאט וֶועט
דִיר גֶעבֶּען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נִיט
לֶערְנֶען צוּ טְהוּן דִיא אוּמְווִירְדִיגְקֵייטֶען
פוּן דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער׃
10 עֶס זָאל זִיךְ נִיט גֶעפִינֶען אוּנְטֶער
דִיר אַ זָאלְכֶער וָואס פִירְט אִיבֶּער זַיין
זוּהְן אָדֶער זַיינֶע טָאכְטֶער דוּרְךְ דָאס
פַייעֶר, אָדֶער אֵיין כִּישׁוּף מַאכֶער, אַ
וָואלְקֶען־דֵייטֶער אוּנְד אַ שְׁלַאנְגֶען־
בֶּעשְׁוֶוערֶער, אָדֶער אַ צוֹיבֶּערֶער׃
11 אָדֶער אֵיינֶער וָואס בֶּעהֶעפְט אוּנְד
פְרֶעגְט אָן דֶעם אוֹב אוּנְד יִדְעוֹנִי,
אוּנְד אַ זָאלְכֶער וָואס פָארְשְׁט צוּ מֵתִים׃
12 וָוארוּם דָאס אִיז אַן אוּמְווִירְדִיגְקֵייט
צוּ גָאט פַאר זָאלְכֶע וָואס טְהוּן דָאס
דָאזִיגֶע, אוּנְד וֶועגֶען דִיא דָאזִיגֶע
אוּמְווִירְדִיגְקֵייטֶען טְהוּט דֶער הַאר דַיין
גָאט זַייא פַאר דִיר פֶערְטְרַייבֶּען׃
13 דוּא זָאלְסְט גַאנְץ אוֹיפְרִיכְטִיג זַיין
מִיט דֶעם הַאר דַיין גָאט׃
14 וָוארִ'ן דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער וָואס
דוּא וֶועסְט זַייא יַרְשְׁנְ'ן זַייא טְהוּן צוּ
הֶערֶען צוּ דִיא כִּישׁוּף מַאכֶערְס, אָבֶּער
דִיר הָאט דֶער הַאר דַיין גָאט נִיט
אַזוֹי צוּגֶעגֶעבֶּען׃
15 אַ נָבִיא פוּן צְווִישֶׁען דַיינֶע בְּרִידֶער,

אזוי

אַזוֹי וִויא אִיךְ בִּין, וֶועט דֶער הַאר
דַיין גָאט צוּ דִיר אוֹיפְשְׁטֶעלֶען, אִיהְם
זָאלְט אִיהְר גֶעהָארְכֶען:
16 נָאךְ אַלֶעם וָואס דוּא הָאסְט
פֶערְלַאנְגְט פוּן דֶעם הַאר דַיין גָאט
אִין חוֹרֵב, אִין דֶעם טָאג פוּן אַיינְ־
זַאמְלוּנְג, אוּנְד הָאסְט גֶעזָאגְט, אִיךְ
וִויל נִיט מֶעהְר צוּהֶערֶען דָאס קוֹל פוּן
דֶעם הַאר מַיין גָאט, אוּנְד דָאס גְרוֹיסֶע
פַייעֶר וִויל אִיךְ נִיט מֶעהְר זֶעהֶען אַז
אִיךְ זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען:
17 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
עֶס אִיז גוּט וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶערֶעט:
18 אַ נָבִיא וֶועל אִיךְ צוּ זֵייא אוֹיפְ־
שְׁטֶעלֶען פוּן צְוִוישֶׁען זֵיירֶע בְּרִידֶער,
אַזוֹי וִויא דוּא בִּיזְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל
גֶעבֶּען אִין זַיין מוֹיל מֵיינֶע וֶוערְטֶער,
אוּנְד עֶר וֶועט צוּ זֵייא רֶעדֶען אַלֶעס
וָואס אִיךְ וֶועל אִיהְם גֶעבִּיטֶען:
19 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, אַז דֶער מַאן
וָואס וֶועט נִיט גֶעהָארְכֶען צוּ מֵיינֶע
וֶוערְטֶער וָואס עֶר וֶועט רֶעדֶען אִין
מֵיין נָאמֶען, פוּן דֶעם וֶועל אִיךְ עֶס
פָאדֶערְן:
20 נֵייעֶרְט דֶער נָבִיא וָואס וֶועט
מוּטְוִוילִיגֶען צוּ רֶעדֶען אַ זַאךְ אִין מֵיין
נָאמֶען וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהְם נִיט
גֶעבָּאטֶען צוּ רֶעדֶען, אוּנְד דֶער וָואס
וֶועט רֶעדֶען אִין דֶעם נָאמֶען פוּן
אַנְדֶערֶע גֶעטֶער, אַזוֹי זָאל דֶער
דָאזִיגֶער נָבִיא גֶעטֵייט וֶוערֶען:
21 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט זָאגֶען אִין
דַיין הַארְץ, וִויא אַזוֹי זָאלֶען מִיר
וִויסֶען דָאס וָוארְט וָואס גָאט הָאט נִיט
גֶערֶעט?
22 וֶוען דֶער נָבִיא רֶעט אִין דֶעם
נָאמֶען פוּן גָאט, אוּנְד דִיא זַאךְ וֶועט
נִיט זַיין, אוּנְד עֶס וֶועט נִיט קוּמֶען,
דָאס אִיז דִיא זַאךְ וָואס גָאט הָאט נִיט
גֶערֶעט, (נֵייעֶרְט) דֶער נָבִיא הָאט
גֶערֶעט מִיט מוּטְוִוילִיגְקַייט, דוּא זָאלְסְט
דִיךְ פַאר אִיהְם נִיט פָארְכְטֶען:

## קאפיטעל יט

1 וֶוען דֶער הַאר דַיין גָאט וֶועט
פֶערְטִילְגֶען דִיא פֶעלְקֶער וָואס דֶער
הַאר דַיין גָאט גִיט דִיר זֵייעֶר לַאנְד,
אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵייא יַרְשְׁנֶ'ן, אוּנְד
דוּא וֶועסְט וְואוֹינֶען אִין זֵיירֶע שְׁטֶעט
אוּנְד אִין זֵיירֶע הַייזֶער:
2 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ דִיר אָפְּשֵׁיידֶען
דְרַייא שְׁטֶעט אִין דֶער מִיטֶען פוּן דַיין
לַאנְד וָואס דֶער הַאר דַיין גָאט וֶועט
דִיר גֶעבֶּען צוּ יַרְשְׁנֶ'ן:
3 דוּא זָאלְסְט גוּט פֶערְרִיכְטֶען דֶעם
וֶועג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט טֵיילֶען אִין
דְרַייא טֵיילֶען דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דַיין
לַאנְד, וָואס דֶער הַאר דַיין גָאט וֶועט
דִיךְ מַאכֶען אַרְבֶּען, אוּנְד עֶס זָאל זַיין
פַאר אִיטְלִיכֶען רוֹצֵחַ דָארְטֶען אַהִין צוּ
עֶנְטְלוֹיפֶען:
4 אוּנְד דָאס אִיז דִיא זַאךְ פוּן דֶעם
רוֹצֵחַ וָואס זָאל דָארְט אַהִין עֶנְטְלוֹיפֶען,
אַז עֶר זָאל לֶעבֶּען, דֶער וָואס וֶועט
זַיין חַבֵר שְׁלָאגֶען נִיט מִיט וִויסֶענְשַׁאפְט,
אוּנְד עֶר אִיז אִיהְם (קֵיינְמָאל) נִיט
קֵיין פֵיינְד גֶעוֶועזֶען פוּן גֶעכְטֶען אוּנְד
אֵייעֶרְגֶעכְטֶען:
5 אוּנְד וֶוען אֵיינֶער קוּמְט מִיט זַיין
חַבֵר אִין דֶעם וַואלְד אַרַיין הָאלְץ צוּ
הַאקֶען, אוּנְד אַז עֶר וֶועט וֶועלֶען
אָפְּהַאקֶען דָאס הָאלְץ מִיט דִיא הַאק,
אוּנְד דָאס אֵייזֶען וֶועט אַרוּפְּפַאלֶען
פוּן דֶעם שְׁטִיל אוּנְד עֶס וֶועט גְרֵייכֶען
זַיין חַבֵר אוּנְד עֶר וֶועט שְׁטַארְבֶּען,


ער

עֶר זָאל אַהִינְלויפֶען צוּ אֵיינֶע פוּן דִיא דָאזִינֶע שְׁטֶעט אַז עֶר זָאל לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען :

6 טָאמֶער וֶועט דֶער בְּלוּט דֶערְלֵייזֶער נָאכְיָאגֶען נָאךְ דֶעם רוֹצֵחַ, וָוארִין זֵיין הַארְץ וֶועט זִיךְ דֶערְהִיצֶען, אוּנְד עֶר וֶועט אִיהְם דֶערְגְרֵייכֶען וַוייל דֶער וֶועג אִיז וַוייט, אוּנְד עֶר וֶועט אִיהְם דֶערְשְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶס אִיז צוּ אִיהְם קֵיין רֶעכְט צוּם טוֹיט, וָוארִין עֶר אִיז צוּ אִיהְם נִיט קֵיין פֵיינְד גֶעוֶועזֶען, פוּן גֶעכְטֶען אָדֶער אֵייעֶרְגֶעכְטֶען :

7 דָארוּם הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דוּא זָאלְסְט צוּ דִיר אָפְּשֵׁיידֶען דְרֵייא שְׁטֶעט :

8 אוּנְד וֶוען דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דֶערְוַוייטֶערְן דֵיינֶע גְרֶענֶעץ, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ דֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד עֶר וֶועט צוּ דִיר גֶעבֶּען דָאס גַאנְצֶע לַאנְד וָואס עֶר הָאט צוּגֶעזָאגְט צוּ דֵיינֶע עֶלְטֶערְן :

9 וֶוען דוּא וֶועסְט הִיטֶען אַלֶע דִיא דָאזִינֶע מִצְוֹת, זֵייא צוּ טְהוּן, וָואס אִיךְ גֶעבִּיט דִיר הֵיינְט, צוּ לִיבֶּען דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אוּנְד צוּ גֵיין אִין זֵיינֶע וֶועגְ אַלֶע טֶעג, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דִיר נָאךְ דְרֵייא אַנְדֶערֶע שְׁטֶעט צוּ טְהוּן צוּ דִיא דָאזִינֶע :

10 אוּנְד עֶס זָאל נִיט פֶערְגָאסֶען וֶוערֶען קֵיין אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס בְּלוּט צְווִישֶׁען דֵיין לַאנְד, וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען אַלְס יְרוּשָׁה, אַז עֶס זָאל אִיבֶּער דִיר נִיט זֵיין אַ בְּלוּט־שׁוּלְד :

11 אוּנְד וֶוען אַ מַאן וֶועט זֵיין אַ שׂוֹנֵא צוּ זֵיין חָבֵר, אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיף אִיהְם לוֹיעֶרְן, אוּנְד עֶר וֶועט קֶענֶען אִיהְם אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד וֶועט אַ נֶפֶשׁ דֶערְשְׁלָאגֶען אוּנְד עֶר שְׁטַארְבְּט, אוּנְד עֶר עֶנְטְלוֹיפְט צוּ אֵיינֶע פוּן דִיא דָאזִינֶע שְׁטֶעט :

12 אַזוֹי זָאלֶען דִיא עֶלְצְטֶע פוּן זֵיינֶע שְׁטָאט אַהִינְשִׁיקֶען, אוּנְד זָאלֶען אִיהְם פוּן דָארְט לָאזֶען נֶעמֶען, אוּנְד אִיהְם אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דֶער הַאנְד פוּן דֶעם בְּלוּט דֶערְלֵייזֶער אוּנְד עֶר זָאל גֶעטֵייט וֶוערֶען :

13 דֵיין אוֹיג זָאל זִיךְ נִיט אִיבֶּער אִיהְם דֶערְבַּארְמֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיסְרוֹימֶען דֶעם (וָואס פֶערְגִיסְט) אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס בְּלוּט אִין יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶס וֶועט דִיר גוּט זֵיין :

14 דוּא טוּרְסְט נִיט אָפְּרִיקֶען דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דֵיין חָבֵר, וָואס דִיא עֶרְשְׁטֶע לֵייט הָאבֶּען גֶעגְרֶענֶעצְט אִין דֵיין נַחֲלָה וָואס דוּא וֶועסְט יַרְשְׁנֶען, אִין דֶעם לַאנְד וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען צוּ יַרְשְׁנֶען :

15 עֶס זָאל נִיט אוֹיפְשְׁטֵיין אֵיין עֵדוּת קֶעגֶען אַ מַאן, אִין קֵיינֶערְלֵייא אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד אִין קֵיינֶערְלֵייא זִינְד דוּרְךְ וָואס עֶר וֶועט זִינְדִיגֶען; דוּרְךְ צְוֵוייא אָדֶער דְרֵייא עֵדוּת זָאל אַ זַאךְ בֶּשְׁטֶעטִיגְט וֶוערֶען :

16 וֶוען עֶס וֶועט קֶעגֶען אַ מַאן אוֹיפְשְׁטֵיין אַ פַאלְשֶׁער עֵדוּת, אוֹיף אִיהְם אֵיינֶע אָפְּקֶערוּנְג אָנְצוּקְלָאגֶען :

17 אַזוֹי זָאלֶען זִיךְ בֵּיידֶע מֶענֶער, וָואס אִיז צְווִישֶׁען זֵייא אַ קְרִיג, שְׁטֶעלֶען פַאר גָאט, פַאר דִיא כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא שׁוֹפְטִים וָואס וֶועלֶען זֵיין אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע טֶעג :

18 אוּנְד דִיא שׁוֹפְטִים זָאלֶען גוּט נָאכְפָארְשֶׁען, אוּנְד זֶעה, וֶוען עֶר אִיז אַ פַאלְשֶׁער עֵדוּת אוּנְד עֶר הָאט פַאלְשׁ

עֵדוּת גֶעזָאגְט קֶעגֶען זַיין בְּרוּדֶער:
19 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר צוּ אִיהְם טְהוּן
אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעטְרַאכְט צוּ טְהוּן
צוּ זַיין בְּרוּדֶער, אוּנְד דוּא וֶועסְט
אוֹיסְרוּימֶען דָאס בֵּייזֶע פוּן צְווִישֶׁען
דִיר:
20 אוּנְד דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע וֶועלֶען
עֶס הֶערֶען אוּנְד זַייא וֶועלֶען זִיךְ
פָארְכְטֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען נִיט מֶעהְר
אַזָאלְכֶע שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ טְהוּן צְווִישֶׁען
דִיר:
21 אוּנְד דַיין אוֹיג זָאל זִיךְ נִיט
דֶערְבַּארְמֶען, גֵייעֶרְט אַ נֶפֶשׁ פַאר אַ
נֶפֶשׁ, אַן אוֹיג פַאר אַן אוֹיג, אַ צָאהְן
פַאר אַ צָאהְן, אַ הַאנְד פַאר אַ הַאנְד,
אַ פוּס פַאר אַ פוּס:

## קאפיטעל כ

1 וֶוען דוּא וֶועסְט אַרוֹיסְגֵיין צוּ דֶער
מִלְחָמָה קֶעגֶען דֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד דוּא
וֶועסְט זֶעהֶען פֶערְד אוּנְד רֵייטֶער, אַ
פִיל גְרֶעסֶערֶעס פָאלְק פוּן דִיר, אַזוֹי
זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט פָארְכְטֶען פַאר
זַייא, וָוארִין דֶער הַאר דַיין גָאט וָואס
הָאט דִיךְ אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם אִיז מִיט דִיר:
2 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז וֶוען אִיהְר
וֶועט אֵייךְ גֶענֶעהֶענֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה,
אַזוֹי זָאל דֶער כֹּהֵן גֶענֶעהֶענֶען אוּנְד
רֶעדֶען צוּ דֶעם פָאלְק:
3 עֶר זָאל צוּ זַייא זָאגֶען, הֶערְט אָ
יִשְׂרָאֵל; אִיהְר טְהוּט הַיינְט גֶענֶעהֶענֶען
צוּ דֶער מִלְחָמָה קֶעגֶען אֵיירֶע פֵיינְדֶע,
לָאזֶען זִיךְ אֵיירֶע הֶערְצֶער נִיט דֶערְ
וֵוייכֶען, אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט פָארְכְטֶען,
אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט צִיטֶערְן, אוּנְד
אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט עֶרְשְׁרֶעקֶען
פַאר זַייא:

4 וָוארִין דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט, עֶר
אִיז עֶס וָואס גֵייט מִיט אֵייךְ, פַאר
אֵייךְ מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט אֵיירֶע
פֵיינְד, אוּנְד אֵייךְ צוּ הֶעלְפֶען:
5 אוּנְד דִיא אַמְטְסְלֵייט זָאלֶען צוּ
דֶעם פָאלְק רֶעדֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
וֶוער אִיז דֶער מַאן וָואס הָאט גֶעבּוֹיעֶט
אַ נֵייעֶס הוֹיז אוּנְד הָאט עֶס נִיט מְחַנֵךְ
גֶעוֶועזֶען? לָאז עֶר גֵיין אוּנְד צוּרִיק
קֶעהְרֶען צוּ זַיין הוֹיז, טָאמֶער וֶועט
עֶר שְׁטַארְבֶּען אִין דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד
אַן אַנְדֶערֶער מֶענְשׁ וֶועט עֶס מְחַנֵךְ
זַיין:
6 אוּנְד וֶוער אִיז דֶער מַאן וָואס
הָאט גֶעפְּלַאנְצְט אַ וֵויינְגָארְטֶען, אוּנְד
הָאט אִיהְם נָאךְ נִיט אוֹיסְגֶעלֵייזְט?
לָאז עֶר גֵיין אוּנְד צוּרִיק קֶעהְרֶען צוּ
זַיין הוֹיז, טָאמֶער וֶועט עֶר שְׁטַארְבֶּען
אִין דֶער מִלְחָמָה אוּנְד אַן אַנְדֶערֶער
מֶענְשׁ וֶועט עֶס אוֹיסְלֵייזֶען:
7 אוּנְד וֶוער אִיז דֶער מַאן וָואס הָאט
מְקַדֵשׁ גֶעוֶועזֶען אַ וַוייבּ אוּנְד עֶר הָאט
זִיא נָאךְ נִיט גֶענוּמֶען? לָאז עֶר גֵיין
אוּנְד צוּרִיק קֶעהְרֶען צוּ זַיין הוֹיז,
טָאמֶער וֶועט עֶר שְׁטַארְבֶּען אִין דֶער
מִלְחָמָה, אוּנְד אַן אַנְדֶערֶער מַאן וֶועט
זִיא נֶעמֶען:
8 אוּנְד דִיא אַמְטְסְלֵייטֶע זָאלֶען נָאךְ
מֶעהְר רֶעדֶען צוּ דֶעם פָאלְק, אוּנְד
זַייא זָאלֶען זָאגֶען, וֶוער אִיז דֶער מַאן
וָואס פָארְכְט זִיךְ אוּנְד הָאט אַ וֵוייךְ
הַארְץ? לָאז עֶר גֵיין אוּנְד צוּרִיק
קֶעהְרֶען צוּ זַיין הוֹיז, אַז עֶר זָאל נִיט
מַאכֶען צוּגֵיין דָאס הַארְץ פוּן זַיינֶע
בְּרִידֶער אַזוֹי וִויא זַיין הַארְץ:
9 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וֶוען דִיא
אַמְטְסְלֵייטֶע וֶועלֶען פָאלֶענְדֶען צוּ רֶעדֶען

צוּ דֶעם פָאלְק, אַזוֹי זָאלֶען דִיא
אוֹיבֶּערשְׁטֶע פוּן דִיא הֶערְשָׁארֶען
בֶּעפֶעהְלֶען אִיבֶּער דֶעם פָאלְק:
10 וֶוען דוּא וֶועסְט נָאהֶענְט קוּמֶען
צוּ אַ שְׁטָאט מִיט אִיהְר מִלְחָמָה צוּ
הַאלְטֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ אִיהְר
אוֹיסְרוּפֶען לָאזֶען שָׁלוֹם:
11 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וֶוען זִיא וֶועט
דִיר עֶנְטְפֶערֶען שָׁלוֹם, אוּנְד זִיא וֶועט
צוּ דִיר אוֹיפְמַאכֶען, אַזוֹי זָאל דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק וָואס גֶעפִינְט זִיךְ דַארִין
צוּ דִיר זַיין צוּ מַס, אוּנְד זָאל דִיר דִינֶען:
12 אוּנְד וֶוען זִיא וֶועט מִיט דִיר נִיט
שָׁלוֹם מַאכֶען, נֵייעֶרְט מַאכְט מִיט דִיר
מִלְחָמָה, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זִיא בֶּעלַאגֶערֶען:
13 אוּנְד דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט
זִיא דִיר גֶעבֶּען אִין דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט אַלֶע אִיהְרֶע מַאנְסְפֶּערְזוֹינֶען
דֶערְשְׁלָאגֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְט:
14 נֵייעֶרְט דִיא וַוייבֶּער אוּנְד קְלֵיינֶע
קִינְדֶער, אוּנְד דִיא בְּהֵמוֹת, אוּנְד
אַלֶעם וָואס אִיז אִין דֶער שְׁטָאט, דֶעם
גַאנְצֶען זַאקְרוֹיב מֶעגְסְט דוּא דִיר
רוֹיבֶּען, אוּנְד דוּא מֶעגְסְט עֶסֶען דֶען
זַאקְרוֹיב פוּן דֵיינֶע פֵיינְדֶע וָואס דֶער
הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען:
15 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא טְהוּן צוּ אַלֶע
שְׁטֶעט וָואס זֶענֶען זֶעהְר וַוייט פוּן דִיר,
וָואס זֶענֶען נִיט פוּן דִיא שְׁטֶעט פוּן
דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער הִיעֶר:
16 נֵייעֶרְט פוּן דִיא שְׁטֶעט פוּן דִיא
דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט
וֶועט דִיר גֶעבֶּען אַלְס אַ נַחֲלָה, זָאלְסְט
דוּא קֵיינֶע נְשָׁמָה לֶעבֶּען לָאזֶען:
17 נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט זֵייא אִים
גַאנְצֶען פֶערְוִוויסְטֶען,—דֶעם חִתִּי אוּנְד
דֶעם אֶמוֹרִי, אוּנְד דֶעם כְּנַעֲנִי, אוּנְד
פְּרִיזִי, דֶעם חִוִּי אוּנְד דֶעם יְבוּסִי, אַזוֹי
וַויא דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיר
גֶעבָּאטֶען:
18 אַז זֵייא זָאלֶען אֵייךְ נִיט לֶערְנֶען
צוּ טְהוּן נָאךְ אַלֶע זֵיירֶע אוּמְוֶוערְדִיגְ־
קֵייטֶען וָואס זֵייא טְהוּן צוּ זֵיירֶע
אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד אִיהְר וֶועט זִינְדִיגֶען
צוּ דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט:
19 וֶוען דוּא וֶועסְט בֶּעלַאגֶערְן אַ
שְׁטָאט פִיל טֶעג מִיט אִיהְר מִלְחָמָה
צוּ הַאלְטֶען, זִיא אֵיינְצוּנֶעהְמֶען, זָאלְסְט
דוּא נִיט פֶערְדַארְבֶּען אִיהְרֶע בֵּיימֶער,
זֵייא מִיט אַ הַאק אָפּ צוּ הַאקֶען,
וָוארִין דוּא מֶעגְסְט דַאפוּן עֶסֶען, דוּא
זָאלְסְט זֵייא נִיט פֶערְשְׁנֵיידֶען, אִיז דֶען
דֶער בּוֹים פוּן דֶעם פֶעלְד אַ מֶענְשׁ
פַאר דִיר צוּ קוּמֶען אִין בֶּעלַאגֶערוּנְג?
20 נֵייעֶרְט נוּר אַ זָאלְכֶער בּוֹים פוּן
דֶעם דוּא ווייסְט אַז מֶען קֶען נִיט פוּן
אִיהְם עֶסֶען, דֶעם מֶעגְסְט דוּא פֶערְ־
דַארְבֶּען, אוּנְד אָפְּשְׁנֵיידֶען, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט דַאמִיט בּוֹיעֶן אַ בֶּערַאגֶערוּנְג
קֶעגֶען דִיא שְׁטָאט וָואס טְהוּט מִיט
דִיר מִלְחָמָה הַאלְטֶען, בִּיז דוּא הָאסְט
זִיא אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט:

קאפיטעל כא

1 וֶוען אַ דֶערְשְׁלָאגֶענֶער וֶועט גֶעפִינֶען
וֶוערֶען אִין דֶעם לַאנְד וָואס דֶער הַאר
דֵיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען צוּ יַרְשְׁנֶען,
אֵיינֶער וָואס אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶעם
פֶעלְד, אוּנְד עֶס אִיז נִיט בֶּעוְואוּסְט
וֶוער עֶס הָאט אִיהְם דֶערְשְׁלָאגֶען:
2 אַזוֹי זָאלֶען דֵיינֶע עֶלְצְטֶע אוּנְד
דֵיינֶע שׁוֹפְטִים אַרוֹיסְגֵיין אוּנְד מֶעסְטֶען
דִיא שְׁטֶעט וָואס זֶענֶען רִינְגְס אַרוּם
פוּן דֶעם דֶערְשְׁלָאגֶענֶעם:



אוּנְד

3 אוּנְד עֶס װֶעט זַיין, אַז דִיא שְׁטָאט
װָאס אִיז דִיא נָאהֶענְטְסְטֶע צוּ דֶעם
דֶערשְׁלָאגֶענֶעם, אַזוֹי זָאלֶען דִיא עֶלְצְטֶע
פוּן דֶער דָאזִיגֶע שְׁטָאט נֶעמֶען אַ יוּנְגֶעס
קַאלְבּ, מִיט װֶעלְכֶעס מֶען הָאט נָאך
נִיט גֶעאַרְבֵּייטֶעט, אוּנְד װָאס הָאט נָאך
נִיט גֶעצוֹיגֶען אִין אַ יָאךְ:
4 אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער דָאזִיגֶער
שְׁטָאט זָאלֶען אַרוּיפְבְּרֶענְגֶען דָאס קַאלְבּ
צוּ אַ טָאל װָאס אִיז הַארְט, װָאס אִיז
נִיט גֶעאַקֶערְט גֶעװָארֶען, אוּנְד נִיט
גֶעזַייעֶט, אוּנְד מֶען זָאל דָארְטֶען אָפּ־
הַאקֶען דָאס גֶענִיק פוּן דֶעם קַאלְבּ:
5 אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים, דִיא זִיהְן פוּן לֵוִי,
װָאס דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט זֵייא
אוֹיסְדֶערְװֶוילְט אִיהְם צוּ דִינֶען, אוּנְד
צוּ בֶּענְשֶׁען אִין זַיין נָאמֶען, זָאלֶען
גֶענֶעהֶענֶען,—אוּנְד דוּרְךְ זַייעֶר מוֹיל זָאל
אִיטְלִיכֶע שְׁטְרֵייט זַאךְ אוּנְד אִיטְלִיכֶע
פְּלָאג פֶערְהַאנְדֶעלְט זַיין:
6 אוּנְד אַלֶע עֶלְצְטֶע פוּן דֶער דָאזִיגֶע
שְׁטָאט װָאס אִיז נָאהֶענְט צוּ דֶעם
דֶערשְׁלָאגֶענֶעם, זָאלֶען װַאשֶׁען זֵייעֶרֶע
הֶענְד אִיבֶּער דֶעם קַאלְבּ װָאס מֶען
הָאט זַיין גֶענִיק גֶעבְּרָאכֶען אִין דֶעם
טָאל:
7 אוּנְד זֵייא זָאלֶען עֶנְטְפֶערְן אוּנְד
זָאגֶען, אוּנְזֶערֶע הֶענְד הָאבֶּען נִיט
פֶערְגָאסֶען דָאס דָאזִיגֶע בְּלוּט, אוּנְד
אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען עֶס נִיט
גֶעזֶעהֶען:
8 פֶערְגֶעבּ צוּ דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל,
װָאס דוּא הָאסְט אוֹיסְגֶעלֵייזְט, אָ גָאט!
אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט צוּגֶעבֶּען אַז
אוּנְשׁוּלְדִיג בְּלוּט זָאל זַיין צְװִישֶׁען דֵיין
פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי װֶעט צוּ זֵייא
פֶערְגֶעבֶּען װֶערֶען װֶעגֶען דֶעם בְּלוּט:

9 אוּנְד דוּא װֶעסְט אוֹיסְרוֹיטֶען דָאס
אוּנְשׁוּלְדִיגֶע בְּלוּט פוּן צְװִישֶׁען דִיר,
װֶען דוּא װֶעסְט טְהוּן װָאס אִיז
רֶעכְטפֶארְטִיג אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט:
תצא
10 װֶען דוּא װֶעסְט אַרוֹיסְגֵיין מִלְחָמָה
צוּ הַאלְטֶען קֶעגֶען דֵיין פֵיינְד, אוּנְד
דֶער הַאר דֵיין גָאט װֶעט אִיהְם גֶעבֶּען
אִין דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד דוּא װֶעסְט
פַאנְגֶען זַיין גֶעפֶענְקֶענִיס:
11 אוּנְד װֶען דוּא װֶעסְט זֶעהֶען
אוּנְטֶער דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע אַ הִיפְּשֶׁעס
װַייבּ, אוּנְד הָאסְט לוּסְט אָן אִיהְר,
אַזוֹי מֶעגְסְט דוּא זִיא נֶעמֶען צוּ דִיר
פַאר אַ װַייבּ:
12 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זִיא אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען
אִין דֵיין הוֹיז, אוּנְד אָפְּשֶׁערֶען אִיהְרֶע
הָאר פוּן קָאפּ, אוּנְד זִיא זָאל צוּבְּרֵייטֶען
אִיהְרֶע נֶעגֶעל:
13 אוּנְד זִיא זָאל אָפְּטְהוּן דִיא קְלֵיידֶער
פוּן אִיהְרֶע גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט, אוּנְד זִיא
זָאל זִיצֶען אִין דֵיין הוֹיז, אוּנְד זִיא זָאל
בֶּעװֵיינֶען אִיהְר פָאטֶער אוּנְד מוּטֶער
אַ חוֹדֶשׁ פוּן טֶעג, אוּנְד דֶערְנָאךְ
זָאלְסְט דוּא צוּ אִיהְר קוּמֶען, אוּנְד
זָאלְסְט זִיא בֶּעמַאגֶען, אוּנְד זִיא זָאל
צוּ דִיר זַיין אַ װַייבּ:
14 אוּנְד עֶס װֶעט זַיין אַז דוּא הָאסְט
קַיין בֶּעגֶעהְר צוּ אִיהְר אַזוֹי זָאלְסְט
דוּא זִיא אַװֶעקְשִׁיקֶען נָאךְ אִיהְר פֶערְ־
לַאנְגֶען, אָבֶּער דוּא טוֹרְסְט זִיא נִיט
פֶערְקוֹיפֶען פַאר גֶעלְט, דוּא זָאלְסְט
זִיא נִיט בֶּעהַאנְדְלֶען װִיא אַ שְׁקְלַאפִין
װַייל דוּא הָאסְט זִיא גֶערֶעמִיטִיגְט:
15 װֶען אַ מַאן װֶעט הָאבֶּען צְװֵייא
װַייבֶּער, אַז אֵיינֶע װֶעט זַיין אַ גֶעלִיבְּטֶע
אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע אַ גֶעהַאסְטֶע, אוּנְד

זֵייא וֶועלֶען צוּ אִיהְם גֶעווִינֶען זִיהְן,
בֵּיידֶע, דִיא גֶעלִיבְּטֶע אוּנְד דִיא גֶע־
הַאסְטֶע, אוּנְד וֶוען דֶער בְּכוֹר וֶועט
גֶעהֶערֶען צוּ דִיא גֶעהַאסְטֶע:
16 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעם טָאג
וֶוען עֶר וֶועט מַאכֶען זַיינֶע קִינְדֶער
אַרְבֶען, אַזוֹי טָאר עֶר נִיט אוֹיסְדֶערְ־
ווֵיילֶען דֶעם זוּהְן פוּן דֶער גֶעלִיבְּטֶע
פַאר דֶעם זוּהְן פוּן דֶער גֶעהַאסְטֶע,
וָואס אִיז דֶער בְּכוֹר:
17 נֵייעֶרְט דֶעם בְּכוֹר, דֶעם זוּהְן פוּן
דֶער גֶעהַאסְטֶע זָאל עֶר אַנֶערְקֶענֶען,
אוּם צוּ אִיהְם צוּ גֶעבֶּען צְווֵייא חֲלָקִים
פוּן אַלֶעם וָואס גֶעפִינְט זִיךְ בֵּייא אִיהְם,
ווָארִין עֶר אִיז דָאס עֶרְשְׁטֶע פוּן זַיינֶע
קְרַאפְט, צוּ אִיהְם גֶעהֶערְט דָאס רֶעכְט
פוּן דֶער בְּכוֹרָה:
18 וֶוען עֶס וֶועט זַיין צוּ אַ מַאן אַ
זוּהְן וָואס אִיז אַן אָפְּקֶעהֶרֶער אוּנְד אַ
ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶער, וָואס ווִיל נִיט גֶע־
הָארְכֶען צוּ דֶער שְׁטִים פוּן זַיין פָאטֶער
אוּנְד מוּטֶער, אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶען
אִיהְם גֶעשְׁטְרָאפְט, אוּנְד דָאךְ ווִיל עֶר
זֵייא נִיט גֶעהָארְכֶען:
19 אַזוֹי זָאלֶען אִיהְם זַיין פָאטֶער אוּנְד
מוּטֶער אָנְנֶעמֶען אוּנְד אִיהְם אַרוֹיס־
בְּרֶענְגֶען צוּ דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער שְׁטָאט,
אוּנְד צוּ דֶעם טוֹיעֶר פוּן זַיין אָרְט:
20 אוּנְד זֵייא זָאלֶען זָאגֶען צוּ דִיא
עֶלְצְטֶע פוּן זַיינֶע שְׁטָאט, דֶער דָאזִיגֶער
אוּנְזֶער זִיהְן, אִיז אַן אָפְּקֶעהֶרֶער אוּנְד
אַ ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶער, עֶר ווִיל נִיט גֶע־
הָארְכֶען צוּ אוּנְזֶערֶע שְׁטִים, עֶר אִיז אַ
פְרֶעסֶער אוּנְד אַ זוֹיפֶער:
21 אַזוֹי זָאלֶען אִיהְם אַלֶע מֶענֶער
פוּן זַיינֶע שְׁטָאט פֶערְשְׁטֵיינֶען מִיט
שְׁטֵיינֶער, אַז עֶר זָאל שְׁטַארְבֶּען, אַזוֹי
וֶועסְט דוּא אוֹיסְרוֹימֶען דָאס בֵּייזֶע פוּן
צְווִישֶׁען דִיר, אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל זָאלֶען
עֶס הֶערֶען אוּנְד זָאלֶען זִיךְ פָארְכְטֶען:
22 אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט זַיין אִין אַ
מֶענְשׁ אַ זִינְד, וָואס אִיז אַ מִשְׁפָּט פוּן
טוֹיט, אוּנְד עֶר וֶועט גֶעטֵייט וֶוערֶען,
אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אִיהְם אוֹיפְהֶענְגֶען
אוֹיף אַ בּוֹים:
23 דוּא זָאלְסְט נִיט לָאזֶען זַיין טוֹיטֶען
לֵייבּ אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען אוֹיף דֶעם בּוֹים,
נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט אִיהְם דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג בֶּעגְרָאבֶּען; ווָארִין דֶער אוֹיפְ־
גֶעהָאנְגֶענֶער אִיז פֶערְפְלוּכְט פוּן גָאט,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערָאוּנְרֵיינִיגֶען
דָאס לַאנְד וָואס דֶער הַאר דַיין גָאט
וֶועט צוּ דִיר גֶעבֶּען אַלְס אַ נַחֲלָה:

קאפיטעל כב

1 דוּא זָאלְסְט נִיט צוּזֶעהֶען דֶעם אָקְס
פוּן דַיין בְּרוּדֶער אָדֶער זַיין לַאם
פֶערְשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד דִיךְ פַאר זֵייא
פֶערְהוֹילֶען; נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט זֵייא
צוּרִיק בְּרֶענְגֶען צוּ דַיין בְּרוּדֶער:
2 אוּנְד וֶוען דַיין בְּרוּדֶער אִיז נִיט
נָאהֶענְט פוּן דִיר, אוּנְד דוּא קֶענְסְט
אִיהְם נִיט, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא עֶס
אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען צוּ דַיין הוֹיז, אוּנְד עֶס
זָאל מִיט דִיר זַיין בִּיז דַיין בְּרוּדֶער
זוּכְט אִיהְם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס צוּ
אִיהְם ווִידֶערְקֶעהְרֶען:
3 אוּנְד אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אוֹיךְ טְהוּן
צוּ זַיין אֵייזֶעל, אוּנְד אַזוֹי זָאלְסְט דוּא
טְהוּן צוּ זַיין קְלֵייד, אוּנְד אַזוֹי זָאלְסְט
דוּא טְהוּן צוּ אַלֶעם וָואס דַיין בְּרוּדֶער
פֶערְלִיעֶרְט, וֶוען עֶס אִיז פוּן אִיהְם
פֶערְלוֹירֶען גֶעוָוארֶען אוּנְד דוּא הָאסְט
עֶס גֶעפִינֶען; דוּא טוֹרְסְט דִיךְ נִיט
פֶערְהוֹילֶען:

4 דוּא זָאלְסְט נִיט צוּזֶעהֶען דֵיין בְּרוּדֶערְ'ס אֵייזֶעל אָדֶער זֵיין אָקְס פַאלֶען אוֹיף דֶעם וֶועג אוּנְד דִיךְ פַאר זֵייא פֶערְהוֹילֶען, גֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט זֵייא מִיט אִיהְם אוֹיפְרִיכְטֶען :

5 עֶס טָאר נִיט זֵיין אַ קְלֵייד פוּן אַ מַאנְסְפֶּערְשׁוֹין אוֹיף אַ וַוייבּ, אוּנְד אַ מַאנְסְפֶּערְשׁוֹין טָאר נִיט אָנְטְהוּן אַ קְלֵייד פוּן אַ וַוייבּ, וָוארִין עֶס אִיז אֵיינֶע אוּמְווִירְדִיגְקֵייט צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט פַאר אַלֶע וָואס טְהוּן דָאס דָאזִיגֶע :

6 וֶוען עֶס וֶועט זִיךְ פַאר דִיר אָנְטְרֶעפֶען אַ גֶעסְט פוּן פֵייגֶעלֶעךְ, אוֹיף דֶעם וֶועג אַן אִירְגֶענְד אַ בּוֹים, אָדֶער אוֹיף דֶער עֶרְד, מִיט יוּנְגֶע פֵייגֶעלֶעךְ אָדֶער אֵייעֶר, אוּנְד דִיא מוּטֶער זִיצְט אִיבֶּער דִיא יוּנְגֶע פֵייגֶעלֶעךְ אָדֶער אִיבֶּער דִיא אֵייעֶר, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נִיט נֶעמֶען דִיא מוּטֶער מִיט דִיא יוּנְגֶען :

7 דִיא מוּטֶער זָאלְסְט דוּא אַוֶועקְשִׁיקֶען אוּנְד דִיא יוּנְגֶען זָאלְסְט דוּא צוּ דִיר גֶעמֶען, אַז עֶס זָאל דִיר גוּט זֵיין, אוּנְד דֵיינֶע טֶעג זָאלֶען זִיךְ פֶערְלֶענְגֶערְן :

8 וֶוען דוּא וֶועסְט בּוֹיעֶן אַ נֵייעֶס הוֹיז, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא מַאכֶען אַ גֶעלֶענְדֶער צוּ דֵיין דַאךְ, אַז דוּא זָאלְסְט נִיט בְּרֶענְגֶען אַ שׁוּלְד פוּן בְּלוּט אִיבֶּער דֵיין הוֹיז, וֶוען אֵיינֶער וֶועט דַארְפוּן אַרוּפְפַאלֶען :

9 דוּא זָאלְסְט נִיט דֵיין ווַיינְגָארְטֶען בֶּעזֵייעֶן מִיט גֶעמִישְׁטֶע זָאמֶען, אַז דֶער פָאלֶער זָאמֶען וָואס דוּא זֵייעֶסְט אִין דֵיין ווַיינְגָארְטֶען אוּנְד דִיא תְּבוּאָה זָאל נִיט פֶערְאוּמְהֵיילִיגְט וֶוערֶען :

10 דוּא זָאלְסְט נִיט אַקֶערֶען מִיט אַן אָקְס אוּנְד אַן אֵייזֶעל צוּזַאמֶען :

11 דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט בֶּעקְלֵיידֶען מִיט שַׁעַטְנֵז, וָואל אוּנְד פְלַאקְס צוּזַאמֶען :

12 דוּא זָאלְסְט דִיר מַאכֶען אַ פְלֶעכְטוּנְג אוֹיף דִיא פִיעֶר עֶקֶען פוּן דֵיין קְלֵייד, מִיט וָואס דוּא טְהוּסְט דִיךְ בֶּעדֶעקֶען :

13 וֶוען אַ מַאן נֶעמְט אַ וַוייבּ אוּנְד קוּמְט צוּ אִיהְר, אוּנְד עֶר הָאט זִיא פֵיינְט :

14 אוּנְד עֶר טְהוּט אִיהְר שֶׁענְדְלִיכֶע זַאכֶען, אוּנְד עֶר וֶועט וֶועגֶען אִיהְר אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען אַ שְׁלֶעכְטֶען נָאמֶען, אוּנְד עֶר וֶועט זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען דָאס דָאזִיגֶע וַוייבּ, אוּנְד וֶוען אִיךְ בִּין צוּ אִיהְר נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען, הָאבּ אִיךְ גֶעפוּנֶען אַז זִיא אִיז נִיט אַ בְּתוּלָה :

15 אַזוֹי זָאל דֶער פָאטֶער אוּנְד דִיא מוּטֶער פוּן דִיא יוּנְגְפְרוֹי אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען דִיא צֵייכֶען פוּן אַ בְּתוּלָה פוּן דֶער יוּנְגְפְרוֹי צוּ דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא שְׁטָאט צוּם טוֹיעֶר :

16 אוּנְד דֶער פָאטֶער פוּן דֶער יוּנְגְפְרוֹי זָאל זָאגֶען צוּ דִיא עֶלְצְטֶע, אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען מֵיינֶע טָאכְטֶער צוּ דֶעם דָאזִיגֶען מַאן צוּ אַ וַוייבּ, אוּנְד עֶר הָאט זִיא פֵיינְט :

17 אוּנְד זֶעהְט, עֶר הָאט אִיהְר אָנְגֶעטְהוּן שֶׁענְדְלִיכֶע זַאכֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען אַז דֵיינֶע טָאכְטֶער אִיז נִיט אַ בְּתוּלָה, אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא צֵייכֶען אַז מֵיינֶע טָאכְטֶער אִיז אַ בְּתוּלָה, אוּנְד עֶר זָאל אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען דָאס קְלֵייד פַאר דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא שְׁטָאט :

18 אַזוֹי זָאלֶען דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער־װעלְבִּיגֶע שְׁטָאט גֶעמֶען דֶעם מַאן אוּנְד אִיהְם שְׁטְרָאפֶען (מִיט מַלְקוּת)׃

19 אוּנְד זֵייא זָאלֶען אִיהְם שְׁטְרָאפֶען מִיט הוּנְדֶערְט (שֶׁקֶל) זִילְבֶּער, אוּנְד זֵייא זָאלֶען עֶס גֶעבֶּען צוּ דֶעם פָאטֶער פוּן דִיא יוּנְגְפְרוֹי, װייל עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אַ שְׁלֶעכְטֶען נָאמֶען אוֹיף אַ בְּתוּלָה אִין יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זִיא זָאל זַיין צוּ אִיהְם פַאר אַ װייבּ, עֶר טָאר זִיא נִיט אַװעקְשִׁיקֶען אַלֶע זַיינֶע טֶעג׃

20 אוּנְד װֶען דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ אִיז װָאהְר, עֶר הָאט גֶעפוּנֶען אַז דַאס מֵיידֶעל אִיז נִיט קֵיין בְּתוּלָה׃

21 אַזוֹי זָאל דָאס מֵיידֶעל אַרוֹיסְגֶע־בְּרַאכְט װערֶען צוּ דֶער טְהִיר פוּן אִיהְר פָאטֶערְס הוֹיז, אוּנְד אִיהְרֶע שְׁטָאטְלֵייט זָאלֶען זִיא שְׁטֵיינִיגֶען מִיט שְׁטֵיינֶער אוּנְד זִיא זָאל שְׁטַארְבֶּען, װָארִין זִיא הָאט גֶעטְהוּן אַ שַׁאלְק־הַאפְטִיגְקֵייט אִין יִשְׂרָאֵל, זִיךְ מְזַנֶה צוּ זַיין אִין אִיהְר פָאטֶערְ'ס הוֹיז, אַזוֹי װעסְט דוּא אוֹיסְרוֹימֶען דָאס בֵּייזֶע פוּן צְװישֶׁען דִיר׃

22 װען עֶס װעט גֶעפוּנֶען װערֶען אַ מַאן װָאס לִיגְט מִיט אַ װייבּ װָאס גֶעהֶערְט צוּ אַ מַאן, אַזוֹי זָאלֶען בֵּיידֶע גֶעטֵייט װערֶען דֶער מַאן אוּנְד דָאס װייבּ מִיט װעלְכֶע עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען, אוּנְד דוּא װעסְט אוֹיסְרוֹימֶען דָאס בֵּייזֶע פוּן יִשְׂרָאֵל׃

23 װען עֶס װעט זַיין אַ מֵיידֶעל װָאס אִיז אַ בְּתוּלָה, פַארקְנַאסְט צוּ אַ מַאן, אוּנְד אַ מַאן גֶעפִינְט זִיא אִין דִיא שְׁטָאט אוּנְד עֶר לִיגְט מִיט אִיהְר׃

24 אַזוֹי זָאלֶען בֵּיידֶע אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט װערֶען צוּ דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶער דָאזִיגֶע שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא זָאלֶען גֶעשְׁטֵיינִיגְט װערֶען מִיט שְׁטֵיינֶער אוּנְד זֵייא זָאלֶען שְׁטַארְבֶּען, דָאס מֵיידֶעל װייל זִיא הָאט נִיט גֶעשְׁרִיגֶען אִין דִיא שְׁטָאט, אוּנְד דֶער מַאן װייל עֶר הָאט גֶעפֵּיינִיגְט דָאס װייבּ פוּן זַיין חַבֵר, אוּנְד דוּא װעסְט אוֹיסְרוֹימֶען דָאס בֵּייזֶע פוּן צְװישֶׁען דִיר׃

25 אוּנְד װען דֶער מַאן גֶעפִינְט דָאס מֵיידֶעל אוֹיף דֶעם פֶעלְד, װָאס אִיז פַארקְנַאסְט, אוּנְד דֶער מַאן װעט זִיא שְׁטַארְק אָנְגְרֵייפֶען אוּנְד װעט מִיט אִיהְר לִיגֶען, אַזוֹי זָאל דֶער מַאן װָאס הָאט מִיט אִיהְר גֶעלֶעגֶען אַלֵיין גֶעטֵייט װערֶען׃

26 אָבֶּער צוּ דֶעם מֵיידֶעל זָאל גָאר נִיט גֶעטְהוּן װערֶען, דָאס מֵיידֶעל הָאט נִיט גֶעזִינְדִיגְט צוּם טוֹיט, װָארִין אַזוֹי װיא אֵיינֶער שְׁטֵייט אוֹיף קֶעגֶען זַיין חַבֵר, אוּם אִיהְם צוּ הַארְגֶען, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ׃

27 װָארִין עֶר הָאט זִיא גֶעפוּנֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד, דָאס מֵיידֶעל װָאס אִיז פַארקְנַאסְט הָאט גֶעשְׁרִיגֶען, אָבֶּער עֶס הָאט אִיהְר קֵיינֶער נִיט גֶעהָאלְפֶען׃

28 װען אַ מַאן גֶעפִינְט אַ מֵיידֶעל, אַ בְּתוּלָה, װָאס אִיז נִיט פַארקְנַאסְט, אוּנְד עֶר עֶרגְרֵייפְט זִיא, אוּנְד לִיגְט מִיט אִיהְר, אוּנְד זֵייא װערֶען גֶעפוּנֶען װערֶען׃

29 אַזוֹי זָאל דֶער מַאן װָאס אִיז מִיט אִיהְר גֶעלֶעגֶען גֶעבֶּען צוּ דֶעם פָאטֶער פוּן דֶעם מֵיידֶעל פוּפְצִיג שֶׁקֶל זִילְבֶּער, אוּנְד זִיא זָאל צוּ אִיהְם זַיין צוּ אַ װייבּ, װייל עֶר הָאט זִיא גֶעפֵּיינִיגְט, עֶר טָאר זִיא נִיט אַװעק שִׁיקֶען אַלֶע זַיינֶע טֶעג׃

## קאפיטעל כג

1 אַ מַאן טָאר נִיט נֶעמֶען דָאס ווייב פוּן זַיין פָאטֶער, אוּנְד עֶר זָאל נִיט אַנְטפְּלֶעקֶען דִיא שַׁאנְד פוּן זַיין פָאטֶער:

2 עֶס זָאל נִיט קוּמֶען קֵיין צוּשְׁטוֹיסֶענֶער אוּנְד קֵיין פֶערשְׁנִיטֶענֶער אִין דֶעם קָהָל פוּן גָאט:

3 עֶס זָאל נִיט קוּמֶען קֵיין מַמְזֵר אִין דֶעם קָהָל פוּן גָאט, אַפִּילוּ דָאס צֶעהְנְטֶע (דוֹר) גֶעשְׁלֶעכְט פוּן אִיהְם זָאל נִיט קוּמֶען אִין דֶעם קָהָל פוּן גָאט:

4 עֶס זָאל נִיט קוּמֶען אֵיינֶער פוּן עַמּוֹן אוּנְד מוֹאָב אִין דֶעם קָהָל פוּן גָאט, אַפִּילוּ דָאס צֶעהְנְטֶע גֶעשְׁלֶעכְט פוּן זֵייא זָאל נִיט קוּמֶען אִין דֶעם קָהָל פוּן גָאט, אוֹיף אֵייבִּיג:

5 ווייל זֵייא זֶענֶען אֵייךְ נִיט צוּפָאר גֶעקוּמֶען מִיט בְּרוֹיט אוּנְד וַואסֶער וֶוען אִיהְר זֶענְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס מִצְרַיִם, אוּנְד ווייל עֶר הָאט גֶעדִינְגֶען קֶעגֶען דִיר דֶעם בִּלְעָם זוּהְן פוּן בְּעוֹר, אוֹיס פְּתוֹר אֲרַם נַהֲרַיִם, אוּם דִיךְ צוּ שֶׁעלְטֶען:

6 אָבֶּער דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט נִיט גֶעוָואלְט צוּהֶערֶען צוּ בִּלְעָם, אוּנְד דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט גֶעמַאכְט צוּ דִיר דִיא קְלָלָה צוּ אַ בְּרָכָה, ווייל דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיךְ לִיבּ:

7 דוּא זָאלְסְט נִיט פָארְשֶׁען זֵייעֶר שָׁלוֹם אוּנְד זֵייעֶר גוּטֶעס אַלֶע דֵיינֶע טֶעג אוֹיף אֵייבִּיג:

8 דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְאוּמְווירְדִיגֶען דֶעם אֲדוֹמִי, ווָארִין עֶר אִיז דֵיין בְּרוּדֶער; דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְאוּמְווירְדִיגֶען דֶעם מִצְרִי, ווָארִין דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אַ גֵר אִין זַיין לַאנְד:

9 קִינְדֶער וָואס וֶועלֶען צוּ זֵייא גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען, דָאס דְרִיטֶע דוֹר פוּן זֵייא מֶעג קוּמֶען אִין דֶעם קָהָל פוּן גָאט:

10 וֶוען דוּא וֶועסְט אַרוֹיסְגֵיין מִיט אַ מַחֲנֶה קֶעגֶען דֵיינֶע פֵיינְד אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דִיךְ הִיטֶען פַאר אִיטְלִיכֶע שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ:

11 וֶוען עֶס וֶועט בֵּייא דִיר זַיין אַ מַאן וָואס אִיז נִיט רֵיין וֶועגֶען אַ צוּפַאל בֵּייא נַאכְט, אַזוֹי זָאל עֶר אַרוֹיסְגֵיין אוֹיסֶעווֵייניג פוּן דֶער מַחֲנֶה, עֶר טָאר נִיט אַרֵיין קוּמֶען צוּ דֶער מַחֲנֶה:

12 אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט זַיין פַאר נַאכְט זָאל עֶר זִיךְ בָּאדֶען אִים וַואסֶער, אוּנְד וֶוען דִיא זוּן וֶועט אוּנְטֶערְגֵיין מֶעג עֶר אַרֵיינְקוּמֶען צוּ דֶער מַחֲנֶה:

13 אוּנְד אַן דֶער זֵייט זָאל צוּ דִיר זַיין (אַיין אָרְט) אוֹיסֶעווֵייניג פוּן דֶער מַחֲנֶה אַווּאוּ דוּא זָאלְסְט דָארְט אַרוֹיסְגֵיין:

14 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מִיט דִיר הָאבֶּען אַ שׁוֹיפֶעל נֶעבֶּען דֵיין וַואפוּנְג, אוּנְד עֶס זָאל זַיין אַז וֶוען דוּא וֶועסְט דְרוֹיסֶען זִיצֶען אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דַאמִיט גְרוּבֶּען אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאלְסְט דוּא צוּ דֶעקֶען דֵיין אוֹיסְגַאנְג:

15 ווָארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט גֵייט דוּרְךְ צְווִישֶׁען דֵיינֶע מַחֲנֶה אוּם דִיךְ מַצִּיל צוּ זַיין, אוּנְד צוּ גֶעבֶּען דֵיינֶע פֵיינְד פַאר דִיר, דַארוּם זָאל דֵיינֶע מַחֲנֶה זַיין הֵיילִיג, אַז עֶר זָאל נִיט זֶעהֶען בֵּייא דִיר קֵיינֶע שֶׁענְדְלִיכֶע זַאךְ, אוּנְד זִיךְ פוּן דִיר אָפְּקֶערֶען:

16 דוּא זָאלְסְט נִיט אִיבֶּערֶענְטְפֶערְן אַ קְנֶעכְט צוּ זַיין הַאר וָואס הָאט זִיךְ בֵּייא דִיר מַצִּיל גֶעוֶועזֶען פוּן זַיין הַאר:

17 עֶר זָאל בַּייא דִיר וְואוינֶען, צְוִוישֶׁען דִיר אִין דֶעם אָרְט וָואס עֶר וֶועט זִיךְ אויסְדֶערְוֶוועלֶען אִין אֵיינֶע פוּן דֵיינֶע טוירֶען, וְואוּ עֶס אִיז אִיהְם גוּט, דוּא זָאלְסְט אִיהְם נִיט אוּנְטֶערְדְרִיקֶען׃

18 עֶס זָאל נִיט זַיין קֵיינֶע הוּרֶע פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶס זָאל נִיט זַיין קֵיין הוּרֶער פוּן דִיא זִיהְן פוּן יִשְׂרָאֵל׃

19 דוּא זָאלְסְט נִיט אַרֵיינבְּרֶענְגֶען הוּרֶענְגֶעלְט, אוּנְד דָאס קויפְגֶעלְט פַאר אַ הוּנְט אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט, צוּ קֵיין נֶדֶר, וָוארִין בֵּיידֶע זֶענֶען אֵיינֶע אוּמְווירְדִיגְקֵייט צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט׃

20 דוּא זָאלְסְט נִיט נֶעמֶען צִינְזֶען (רְוָוחִים) פוּן דֵיין בְּרוּדֶער, צִינְז פוּן גֶעלְט אָדֶער צִינְז פוּן עֶסֶענְוַוארְג, פוּן קֵיינֶערְלֵייא זַאךְ פוּן וָואס מֶען נֶעמְט רְוָוחִים׃

21 פוּן אַ פְרֶעמְדֶען מֶעגְסְט דוּא נֶעמֶען צִינְזֶען, אָבֶּער פוּן דֵיין בְּרוּדֶער טָארְסְט דוּא נִיט נֶעמֶען צִינְזֶען, אַז דֶער הַאר דֵיין גָאט זָאל דִיךְ בֶּענְשֶׁען אִין אַלֶעם וָואס דוּא שְׁטְרֶעקְסְט אויס דֵיינֶע הַאנְד, אויף דֶעם לַאנְד וְואוּ דוּא דָארְט אַהִינְקוּמְסְט עֶס צוּ יַרְשְׁנְ׳ן׃

22 וֶוען דוּא וֶועסְט טְהוּן אַ נֶדֶר צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נִיט פֶערְזוֹימֶען אִיהְם צוּ בֶּעצָאהְלֶען, וָוארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט עֶס פוּן דִיר פָארְדֶערְן, אוּנְד עֶס וֶועט צוּ דִיר זַיין אַ זִינְד׃

23 וֶוען דוּא וֶועסְט אָבֶּער פֶערְמֵיידֶען מְנַדֵר צוּ זַיין, אַזוֹי וֶועט עֶס נִיט צוּ דִיר זַיין אַ זִינְד׃

24 וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אויס דֵיינֶע לִיפֶּען דָאס זָאלְסְט דוּא הִיטֶען אוּנְד טְהוּן אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט פְרֵייוִוילִיג, דָאס וָואס דוּא הָאסְט אויסְגֶערֶעט מִיט דֵיין מוֹיל׃

25 וֶוען דוּא וֶועסְט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֶעם ווַיינְגָארְטֶען פוּן דֵיין חַבֵר, אַזוֹי מֶעגְסְט דוּא עֶסֶען פוּן דִיא ווַיינְטְרוֹיבֶּען אַזוֹי פִיל וִויא דוּא ווִילְסְט בִּיז דוּא וֶועסְט זַאט זַיין, אָבֶּער אִין דֵיין כְּלִי טָארְסְט דוּא נִיט אַרֵיינְטְהוּן׃

26 וֶוען דוּא וֶועסְט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֵיין חַבֶר׳ס שְׁטֵייעֶנְדִיגֶע תְּבוּאָה, אַזוֹי מֶעגְסְט דוּא אָפְּפְּלִיקֶען זַאנְגֶען מִיט דֵיינֶע הֶענְד, אָבֶּער אַ שְׁנֵיידְמֶעסֶער זָאלְסְט דוּא נִיט אויפְהֵייבֶּען אויף דֵיין חַבֶר׳ס שְׁטֵייעֶנְדִיגֶע תְּבוּאָה׃

קאפיטעל כד

1 וֶוען אַ מַאן וֶועט נֶעמֶען אַ ווַייבּ אוּנְד וֶועט מִיט אִיהְר חַתוּנָה הָאבֶּען, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז זִיא וֶועט נִיט גֶעפִינֶען חֵן אִין זַיינֶע אוֹיגֶען, ווַייל עֶר הָאט אַן אִיהְר גֶעפִינֶען אַ שֶׁענְדְלִיכֶע זַאךְ, אַזוֹי זָאל עֶר אִיהְר שְׁרֵייבֶּען אַ גֶט, אוּנְד עֶר זָאל עֶס גֶעבֶּען אִין אִיהְרֶע הַאנְד, אוּנְד זָאל זִיא אַוֶועקְשִׁיקֶען פוּן זַיין הויז׃

2 אוּנְד וֶוען זִיא וֶועט אַרוֹיסְגֵיין אויס זַיין הויז, אַזוֹי מֶעג זִיא גֵיין אוּנְד וֶוערֶען אַן אַנְדֶערְן מַאנְ׳ס ווַייבּ׃

3 אוּנְד וֶוען דֶער אַנְדֶערֶער מַאן וֶועט זִיא אויךְ פֵיינְד הָאבֶּען, אַזוֹי זָאל עֶר אִיהְר שְׁרֵייבֶּען אַ גֶט, אוּנְד זָאל עֶס אִין אִיהְרֶע הַאנְד גֶעבֶּען, אוּנְד זָאל זִיא אַוֶועקְשִׁיקֶען אויס זַיין הויז, אָדֶער וֶוען דֶער אַנְדֶערֶער מַאן וָואס הָאט זִיא גֶענוּמֶען צוּ אַ ווַייבּ שְׁטַארְבְּט

4 אַזוי טָאר זִיא נִיט אִיהְר עֶרְשְׁטֶער מַאן וָואס הָאט זִיא אַוֶועקגֶעשִׁיקְט ווידֶער גֶעמֶען אַז זִיא זָאל זַיין זַיין ווייב נָאכְדֶעם אַז זִיא אִיז פֶערְאוּנְ־רֵיינִיגְט, וָוארִין דָאס אִיז אַיינֶע אוּמְווירְדִיגְקֵייט פַאר גָאט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְזִינְדִיגֶען דָאס לַאנְד וָואס דֶער הַאר דַיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען אַלְס אַ נַחֲלָה:

5 וֶוען אַ מַאן וֶועט נֶעמֶען אַ נֵייא ווייב אַזוי זָאל עֶר נִיט אַרוֹיסְגֵיין אִין דִיא מִלְחָמָה, אוּנְד עֶר זָאל אוֹיךְ נִיט אוֹיף זִיךְ גֶעמֶען קֵיין שׁוּם זַאךְ, גֵייעֶרְט עֶר זָאל בְּלֵייבֶּען פְרֵייא אִין זַיין הויז אֵיין יָאהְר, אוּנְד עֶר זָאל דֶערְפְרֵייעֶן זַיין ווייב וָואס עֶר הָאט גֶענוּמֶען:

6 קֵיינֶער זָאל נִיט אָנְנֶעמֶען אַלְס מַשְׁכּוֹן דֶעם אוּנְטֶערשְׁטֶען אָדֶער דֶעם אוֹיבֶּערשְׁטֶען מִילְשְׁטֵיין, וָוארִין עֶר נֶעמְט דָאס וָואס אִיז זַיין לֶעבֶּען אַלְס מַשְׁכּוֹן:

7 וֶוען עֶס וֶועט גֶעפוּנֶען וֶוערֶען אַ מֶענְשׁ וָואס הָאט גֶעגַנְבֶת אַ נֶפֶשׁ פוּן זַיינֶע בְּרִידֶער, פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר וֶועט אִיהְם שְׁלֶעכְט בֶּעְ־הַאנְדֶעלְן אוּנְד וֶועט אִיהְם פֶערְקוֹיפֶען, אַזוי זָאל דֶער דָאזִיגֶער גַנָב גֶעטֵייט וֶוערֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט אוֹיסְרוֹימֶען דָאס בֵּייזֶע פוּן צְווִישֶׁען דִיר:

8 הִיט דִיךְ בֵּייא דִיא פְּלָאג פוּן צָרַעַת, אַז דוּא זָאלְסְט זֶעהר הִיטֶען צוּ טְהוּן אַלֶעס אַזוי וויא דִיא כֹּהֲנִים אָדֶער דִיא לְוִיִּם וֶועלֶען אֵייךְ לֶערְנֶען, אַזוי וויא אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעבָּאטֶען זָאלְט אִיהְר הִיטֶען צוּ טְהוּן:

9 גֶעדֶענְק וָואס דֶער הַאר דַיין גָאט הָאט גֶעטְהוּן צוּ מִרְיָם אוֹיף דֶעם וֶועג, וֶוען אִיהְר זֶענְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס מִצְרַיִם:

10 וֶוען דוּא וֶועסְט עֶפֶּעס בָּארְגֶען צוּ דַיין חָבֵר, אַזוי זָאלְסְט דוּא נִיט אַרֵיינְ־קוּמֶען אִין זַיין הויז זַיין מַשְׁכּוֹן צוּ נֶעמֶען:

11 דוּא זָאלְסְט דְרוֹיסֶען שְׁטֵיין, אוּנְד דֶער מַאן וֶועמֶען דוּא הָאסְט גֶעבָּארְגְט זָאל צוּ דִיר אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען זַיין מַשְׁכּוֹן:

12 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אַן אָרֶעמֶער מַאן, אַזוי זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט אַנִידֶערְלֵייגֶען מִיט זַיין מַשְׁכּוֹן:

13 דוּא זָאלְסְט אִיהְם דָאס מַשְׁכּוֹן צוּרִיק קֶעהְרֶען וֶוען דִיא זוּן גֵייט אוּנְטֶער, אַז עֶר זָאל זִיךְ אַנִידֶערְלֵייגֶען אִין זַיין קְלֵייד, אוּנְד דִיךְ בֶּענְשֶׁען; אוּנְד עֶס וֶועט צוּ דִיר זַיין אַ גֶערֶעכְ־טִיגְקֵייט פַאר דֶעם הַאר דַיין גָאט:

14 דוּא זָאלְסְט נִיט אוּנְטֶערְדְרִיקֶען (אָדֶער רוֹיבֶּען) דֶען לוֹין פוּן אַן אָרֶעמֶען אוּנְד אַ בֶּעדַארְפְטִיגֶען פוּן דַיינֶע בְּרִידֶער, אָדֶער פוּן דַיין גֵר וָואס אִיז אִין דַיין לַאנְד, אִין דַיינֶע טוֹיעֶרְן:

15 אָן זַיין טָאג זָאלְסְט דוּא אִיהְם גֶעבֶּען זַיין שְׂכִירוּת, אוּנְד דִיא זוּן זָאל נִיט אִיבֶּער אִיהְם אִינְטֶערְגֵיין, וָוארִין עֶר אִיז אָרֶעם, וָוארִין וֶועגֶען דֶעם אִיז עֶר זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ, אַז עֶר זָאל נִיט וֶועגֶען דִיר צוּ גָאט רוּפֶען, אוּנְד עֶס וֶועט אַן דִיר זַיין אַ זִינְד:

16 דִיא עֶלְטֶערְן זָאלֶען נִיט גֶעטֵייט וֶוערֶען וֶועגֶען דִיא קִינְדֶער, אוּנְד דִיא קִינְדֶער זָאלֶען נִיט גֶעטֵייט וֶוערֶען וֶועגֶען דִיא עֶלְטֶערְן, אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ זָאל וֶועגֶען זַיינֶע זִינְד גֶעטֵייט וֶוערֶען:

17 דוּא זָאלְסְט נִיט אָפְּבֵּייגֶען דָאס

מִשְׁפָּט פוּן אַ גֵר אוּנְד אַ יָתוֹם, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט נִיט גֶעמֶען פַאר אַ מַשְׁכּוֹן
דָאס קְלֵייד פוּן אַן אַלְמָנָה:
18 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעדֶענְקֶען אַז
דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אַ קְנֶעכְט אִין
מִצְרַיִם, אוּנְד דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט
דִיךְ פוּן דָארְטֶען אוֹיסְגֶעלֵייזְט, דַארוּם
הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעבָּאטֶען צוּ טְהוּן דִיא
דָאזִיגֶע זַאךְ:
19 וֶוען דוּא וֶועסְט שְׁנֵיידֶען דֵיין
תְּבוּאָה אִין פֶעלְד, אוּנְד וֶועסְט פֶערְ־
גֶעסֶען אַיין גַארְבּ אִין דֶעם פֶעלְד,
אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט אוּמְקֶערֶען
עֶס צוּ גֶעמֶען, עֶס זָאל זַיין פַאר דֶעם
גֵר, פַאר דֶעם יָתוֹם אוּנְד פַאר דֶער
אַלְמָנָה, אַז דֶער הַאר דֵיין גָאט זָאל
דִיךְ בֶּענְשֶׁען אִין אַלֶע וֶוערְק פוּן
דֵיינֶע הֶענְד:
20 וֶוען דוּא וֶועסְט אָפְּשָׁאקְלֶען דֵיינֶע
אֵיילְבֶּערְטֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נִיט
נָאךְ דִיר אָפְּקְלוֹיבֶּען, עֶס זָאל זַיין פַאר
דֶעם גֵר, פַאר דֶעם יָתוֹם אוּנְד פַאר
דֶער אַלְמָנָה:
21 וֶוען דוּא וֶועסְט זַאמֶעלְן פוּן דֵיין
ווַיינְגָארְטֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נִיט נָאךְ
דִיר אָפְּקְלוֹיבֶּען, עֶס זָאל זַיין פַאר
דֶעם גֵר, פַאר דֶעם יָתוֹם אוּנְד פַאר
דֶער אַלְמָנָה:
22 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעדֶענְקֶען אַז
דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אַ קְנֶעכְט אִין דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם, דַארוּם הָאבּ אִיךְ דִיר
גֶעבָּאטֶען צוּ טְהוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ:

## קאפיטעל כה

1 וֶוען עֶס וֶועט זַיין אַיין קְרִיג צְוִוישֶׁען
מֶענְשֶׁען, אַזוֹי זָאלֶען זֵייא גֶעגֶעהֶען
צוּם מִשְׁפָּט, אוּנְד זֵייא זָאלֶען גֶעמִשְׁפָּט
וֶוערֶען, דֶעם צַדִיק זָאלֶען זֵייא רֶעכְט־
פֶערְטִיגֶען, אוּנְד דֶעם רָשָׁע זָאלֶען זֵייא
שׁוּלְדִיג מַאכֶען:
2 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וֶוען מֶען וֶועט
דַארְפֶען אַ רָשָׁע שְׁלָאגֶען, אַזוֹי זָאל
אִיהְם דֶער רִיכְטֶער מַאכֶען אַנִידֶער
פַאלֶען, אוּנְד עֶר זָאל פַאר אִיהְם
גֶעשְׁלָאגֶען וֶוערֶען מִיט דֶער צָאל נָאךְ
זַיין רִשְׁעַת נָאךְ:
3 עֶר טָאר אִיהְם נִיט מֶעהְר גֶעבֶּען
ווִיא פִירְצִיג שְׁלֶעג, טָאמֶער וֶועסְט דוּא
אִיהְם מֶעהְר שְׁלָאגֶען ווִיא דִיא דָאזִיגֶע
שְׁלֶעג אַזוֹי וֶועט דֵיין בְּרוּדֶער שְׁלֶעכְט
גֶעאַכְטֶעט וֶוערֶען אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען:
4 דוּא טוֹרְסְט נִיט פֶערשְׁלִיסֶען דָאס
מוֹיל פוּן דֶעם אָקְס בְּשַׁעַת עֶר דְרֶעשְׁט
אוֹיס (דָאס קָארְן):
5 וֶוען בְּרִידֶער ווֹאוֹינֶען צוּזַאמֶען,
אוּנְד אֵיינֶער פוּן זֵייא שְׁטַארְבְּט אוּנְד
עֶר הָאט נִיט גֶעלָאזְט קֵיינֶע קִינְדֶער,
אַזוֹי טָאר נִיט דָאס וַוייבּ פוּן דֶעם
טוֹיטֶען זַיין צוּ אַ פְרֶעמְדֶען מַאן,
אִיהְר שְׁוָואגֶער מוּז זִיא גֶעמֶען צוּ זִיךְ
פַאר אַ וַוייבּ:
6 אוּנְד דֶער בְּכוֹר וָואס זִיא וֶועט
גֶעווִינֶען זָאל וֶוערֶען בֶּעשְׁטֶעטִיגְט אֵיף
דֶעם נָאמֶען פוּן זַיין פֶערשְׁטָארְבֶּענֶעם
בְּרוּדֶער, אַז זַיין נָאמֶען זָאל נִיט
אוֹיסְגֶעמֶעקְט וֶוערֶען פוּן יִשְׂרָאֵל:
7 אוּנְד וֶוען דֶער מַאן ווִיל נִיט גֶעמֶען
זַיינֶע שְׁוֶועגֶערִין, אַזוֹי זָאל זַיינֶע
שְׁוֶועגֶערִין אִיהְם אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען צוּ
דֶעם טוֹיעֶר צוּ דִיא עֶלְצְטֶע, אוּנְד זִיא
זָאל זָאגֶען, מֵיין שְׁוָואגֶער ווִיל נִיט
אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אַ נָאמֶען צוּ זַיין בְּרוּדֶער
אִין יִשְׂרָאֵל, עֶר ווִיל מִיךְ נִיט מְיַבֵּם
זַיין:
8 אַזוֹי זָאלֶען אִיהְם דִיא עֶלְצְטֶע פוּן

זַיינֶע שְׁטָאט רוּפֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען
צוּ אִיהְם רֶעדֶען, אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט
שְׁטֵיין אוּנְד זָאגֶען אִיךְ וִויל זִיא נִיט
נֶעמֶען ׃
9 אַזוֹי זָאל זַיינֶע שְׁווֶעגֶערִין צוּ אִיהְם
גֶעגֶעהָען פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא
עֶלְצְטֶע, אוּנְד זִיא זָאל אָפְּצִיהֶען זַיין
שִׁיךְ פוּן זַיין פוּס, אוּנְד זִיא זָאל אִיהְם
אִין פָּנִים אַרֵיין שְׁפֵּייעֶן, אוּנְד זָאל
עֶנְטְפֶערְן אוּנְד זָאגֶען, אַזוֹי זָאל גֶעטְהוּן
וֶוערֶען צוּ דֶעם מַאן וָואס וִויל נִיט
אוֹיפְבּוֹיעֶן דָאס הוֹיז פוּן זַיין בְּרוּדֶער ׃
10 אוּנְד זַיין נָאמֶען זָאל גֶערוּפֶען
וֶוערֶען אִין יִשְׂרָאֵל, דָאס הוֹיז פוּן דֶעם
וָואס זַיין שִׁיךְ אִיז אָפְּגֶעצוֹיגֶען ׃
11 וֶוען מֶענֶער קְרִיגֶען זִיךְ, אֵיין
בְּרוּדֶער מִיט אֵיין אַנְדֶערְן, אוּנְד דָאס
ווייב פוּן אֵיינֶעם גֶענֶעהְנְט זִיךְ אוּם
אִיהְר מַאן מַצִיל צוּ זַיין פוּן דֶער הַאנְד
פוּן דֶעם שְׁלֶעגֶער, אוּנְד זִיא וֶועט
אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען אִיהְרֶע הַאנְד, אוּנְד
וֶועט אַנְגְרֵייפֶען אָן זַיין שַׁאנְד־גְלִיד ׃
12 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אָפְּשְׁנֵיידֶען אִיהְרֶע
הַאנְד, דַיין אוֹיג זָאל זִיךְ נִיט דֶערְ־
בַּארְמֶען ׃
13 דוּא זָאלְסְט נִיט הָאבֶּען אִין דַיין
בֵּייטֶעל צְווֵייעֶרְלֵייא גֶעוִויכְט, אַ גְרוֹיסֶעס
אוּנְד אַ קְלֵיינֶעס ׃
14 דוּא זָאלְסְט נִיט הָאבֶּען אִין דַיין
הוֹיז צְווֵייעֶרְלֵייא מָאסֶען, אַ גְרוֹיסֶעס
אוּנְד אַ קְלֵיינֶעס ׃
15 נַייעֶרְט דוּא זָאלְסְט הָאבֶּען אַ
גַאנְצֶעס אוּנְד גֶערֶעכְטֶעס גֶעווִיכְט,
אוּנְד אַ גַאנְצֶעס אוּנְד גֶערֶעכְטֶעס מָאס
זָאלְסְט דוּא הָאבֶּען, אַז דַיינֶע טֶעג
זָאלֶען זִיךְ דֶערְלֶענְגֶערְן אוֹיף דֶעם לַאנְד
וָואס דֶער הַאר דַיין גָאט גִיט דִיר ׃
16 וָוארִין אַלֶע וָואס טְהוּן זָאלְכֶע
זַאכֶען, אוּנְד אַלֶע וָואס טְהוּן אוּנְגֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט, זֶענֶען אוּמְווירְדִיג צוּ דֶעם
הַאר דַיין גָאט ׃
17 גֶעדֶענְק וָואס עֲמָלֵק הָאט צוּ דִיר
גֶעטְהוּן אוֹיף דֶעם וֶועג וֶוען אִיהְר זֶענְט
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס מִצְרַיִם ׃
18 וִויא עֶר הָאט דִיךְ אָנְגֶעטְרָאפֶען
אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד הָאט דֶען
הִינְטֶערְשְׁטֶען טֵייל פוּן דִיר גֶעשְׁלָאגֶען,
אַלֶע שְׁלַאפֶע וֶוען דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶע
מִיד אוּנְד פֶערְשְׁמַאכְטֶעט, אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ נִיט גֶעפָארְכְטֶען פַאר גָאט ׃
19 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז וֶוען דֶער
הַאר דַיין גָאט וֶועט דִיךְ מַאכֶען רוּהֶען
פוּן אַלֶע דַיינֶע פֵיינְד רִינְגְס אַרוּם, אִין
דֶעם לַאנְד וָואס דֶער הַאר דַיין גָאט
וֶועט דִיר גֶעבֶּען אַלְס אַ נַחֲלָה צוּ
יַרְשְׁנֶן, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אוֹיסְמֶעקֶען
דָאס גֶעדֶעכְטֶענִיס פוּן עֲמָלֵק פוּן
אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל, דוּא זָאלְסְט עֶס
נִיט פֶערְגֶעסֶען ׃

קאפיטעל כו כי תבא

1 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וֶוען דוּא וֶועסְט
אַרֵיינְקוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד וָואס דֶער
הַאר דַיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען אַלְס
אַ נַחֲלָה, אוּנְד דוּא וֶועסְט עֶס יַרְשְׁנֶן,
אוּנְד דַארִין וְואוֹינֶען ׃
2 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נֶעמֶען פוּן אַלֶע
עֶרְשְׁטֶע פֵּירוֹת פוּן דֶער עֶרְד, וָואס
דוּא וֶועסְט בְּרֶענְגֶען פוּן דַיין לַאנְד
וָואס דֶער הַאר דַיין גָאט וֶועט דִיר
גֶעבֶּען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אַרֵיינְ־
לֵייגֶען אִין אַ קָארְבּ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
גֵיין צוּ דֶעם אָרְט וָואס דֶער הַאר דַיין
גָאט וֶועט דֶערְווֵיילֶען אַז זַיין נָאמֶען
זָאל דָארְטֶען רוּהֶען ׃

3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט קוּמֶען צוּ דֶעם
כֹּהֵן וָואס וֶועט זַיין אִין דִיא דָאזִיגֶע
טֶעג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהְם זָאגֶען,
אִיךְ בֶּעצֵייג הַיינְט צוּ דֶעם הַאר דֵיין
גָאט, דָאס אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם
לַאנְד וָואס גָאט הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ
אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן, עֶס צוּ אוּנְס צוּ
גֶעבֶּען:
4 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל נֶעמֶען דֶעם
קָארְבּ פוּן דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד זָאל אִיהְם
אַהִינְלֵייגֶען פַאר דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם
הַאר דֵיין גָאט:
5 אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶנְטְפֶערְן אוּנְד
זָאגֶען פַאר דֶעם הַאר דֵיין גָאט, דֶער
אַרַמִי הָאט גֶעוָואלְט פֶערְטִילְגֶען מֵיין
פָאטֶער, אוּנְד עֶר הָאט אַרוּפְּגֶענִידֶערְט
נָאךְ מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ דָארְטֶען
אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען מִיט וֵוינִיג מֶענְשֶׁען,
אָבֶּער עֶר אִיז דָארְט גֶעוָוארֶען צוּ אַ
גְרוֹיס פָאלְק, שְׁטַארְק אוּנְד פִיל:
6 אוּנְד דִיא מִצְרִים הָאבֶּען אוּנְס
שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן, אוּנְד הָאבֶּען אוּנְס
גֶעפֵּיינִיגְט, אוּנְד הָאבֶּען אוּנְס אוֹיפְגֶעלֵייגְט שְׁוֶוערֶע אַרְבֵּייט:
7 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען צוּ
דֶעם הַאר דֶעם גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע
עֶלְטֶערְן, אוּנְד גָאט הָאט גֶעהֶערְט
אוּנְזֶער קוֹל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען
אוּנְזֶערֶע פֵּיין אוּנְד אוּנְזֶערֶע מִידִינְגְקֵייט,
אוּנְד אוּנְזֶער בֶּעצְווִינְגֶענִישׁ:
8 אוּנְד גָאט הָאט אוּנְס אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען
פוּן מִצְרַיִם מִיט אַ שְׁטַארְקֶע הַאנְד
אוּנְד אַן אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶען אָרֶעם,
אוּנְד מִיט אַ גְרוֹיסֶע פוּרְכְט, אוּנְד מִיט
צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער:
9 אוּנְד עֶר הָאט אוּנְס אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט
צוּ דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, אוּנְד עֶר הָאט
צוּ אוּנְס גֶעגֶעבֶּען דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד,
אַ לַאנְד וָואס פְלִיסְט מִיט מִילְךְ אוּנְד
הָאנִיג:
10 אוּנְד אַצוּנְד, זֶעה, אִיךְ הָאבּ
גֶעבְּרַאכְט דִיא עֶרְשְׁטֶע פֵּירוֹת פוּן דֶעם
לַאנְד וָואס דוּא, אָ יְהֹוָה הָאסְט צוּ
מִיר גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס
אַהִינְלֵייגֶען פַאר דֶעם הַאר דֵיין גָאט:
אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ בִּיקֶען פַאר
דֶעם הַאר דֵיין גָאט:
11 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ פְרֵייעֶן אִין
אַלֶעם גוּטֶען וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט
הָאט צוּ דִיר גֶעגֶעבֶּען אוּנְד צוּ דֵיין
הוֹיזְגֶעזִינְד, דוּא אוּנְד דֶער לֵוִי, אוּנְד
דֶער גֵר וָואס אִיז צְווִישֶׁען דִיר:
12 וֶוען דוּא וֶועסְט פַארְלֶענְדֶען צוּ
מַעֲשֵׂרְן דָאס גַאנְצֶע מַעֲשֵׂר פוּן דֵיינֶע
תְּבוּאָה אִין דֶעם דְרִיטֶען יָאהְר, דָאס
יָאהְר פוּן דֶעם מַעֲשֵׂר, אַזוֹי זָאלְסְט
דוּא עֶס גֶעבֶּען צוּ דֶעם לֵוִי, צוּ דֶעם גֵר,
צוּ דֶעם יָתוֹם אוּנְד צוּ דֶער אַלְמָנָה,
אַז זֵייא זָאלֶען עֶסֶען אִין דֵיינֶע טוֹיעֶרְן
אוּנְד זַאט וֶוערֶען:
13 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען פַאר דֶעם
הַאר דֵיין גָאט, אִיךְ הָאבּ אַוֶעקְגֶערוֹימְט
דָאס הֵיילִיגֶע פוּן דֶעם הוֹיז, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ עֶס אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם לֵוִי
אוּנְד צוּ דֶעם גֵר, צוּ דֶעם יָתוֹם אוּנְד
צוּ דֶער אַלְמָנָה, נָאךְ דֵיין גַאנְצֶען
גֶעבָּאט, וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעבָּאטֶען,
אִיךְ הָאבּ נִיט עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען פוּן דֵיינֶע
גֶעבָּאטֶע, אוּנְד אִיךְ הָאבּ נִיט פֶערְגֶעסֶען:
14 אִיךְ הָאבּ נִיט דֶערְפוּן גֶעגֶעסֶען
אִין מֵיינֶע טְרוֹיעֶרִיגְקֵייט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
נִיט דֶערְפוּן אַוֶועקְגֶערוֹימְט אִין אוּמְרֵיינִיגְקֵייט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ נִיט דֶערְפוּן
גֶעגֶעבֶּען פַאר אַ טוֹיטֶען; אִיךְ הָאבּ

גֶעהָארְכְט צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר
מַיין גָאט, אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן אַלֶעס
אַזוֹי וְויא דוּא הָאסְט מִיר גֶעבָּאטֶען:
15 קוּק אַרוּפּ פוּן דֵיינֶע הֵיילִיגֶע
וְואוֹינוּנְג, פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד בֶּענְשׁ
דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דָאס לַאנְד
וָואס דוּא הָאסְט צוּ אוּנְס גֶעגֶעבֶּען,
אַזוֹי וְויא דוּא הָאסְט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ
אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן, אַ לַאנְד וָואס פְלִיסְט
מִיט מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג:
16 דֶעם דָאזִיגֶען טָאג הָאט דִיר דֶער
הַאר דֵיין גָאט גֶעבָּאטֶען צוּ טְהוּן דִיא
דָאזִיגֶע גֶעזֶעץ אוּנְד מִשְׁפָּטִים, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט הִיטֶען זֵייא צוּ טְהוּן מִיט
דֵיין גַאנְצֶען הַארְץ אוּנְד מִיט דֵיינֶער
גַאנְצֶען זֶעלֶע:
17 דוּא הָאסְט הֵיינְט גֶעלָאזְט זָאגֶען
דֶעם הַאר אַז עֶר זָאל זֵיין צוּ דִיר אַ
גָאט, אוּנְד אַז דוּא וֶועסְט גֵיין אִין
זֵיינֶע וֶועג, אוּנְד הִיטֶען זֵיינֶע גֶעזֶעץ
אוּנְד זֵיינֶע מִצְוֹת, אוּנְד זֵיינֶע מִשְׁפָּטִים,
אוּנְד אַז דוּא וֶועסְט גֶעהָארְכֶען צוּ זֵיין
קוֹל:
18 אוּנְד יְהֹוָה הָאט דִיר הֵיינְט זָאגֶען
לָאזֶען אַז דוּא זָאלְסְט זֵיין צוּ אִיהְם
פַאר אַ גֶעלִיבְּט פָאלְק אַזוֹי וְויא עֶר
הָאט צוּ דִיר גֶערֶעט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
הִיטֶען אַלֶע זֵיינֶע מִצְוֹת:
19 אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ מַאכֶען דָאס
הֶעכְסְטֶע אִיבֶּער אַלֶע פֶעלְקֶער, וָואס
עֶר הָאט גֶעמַאכְט, צוּ אַ לוֹיבּ, אוּנְד
צוּ אַ (גוּטֶען) נָאמֶען, אוּנְד אַז דוּא
זָאלְסְט זֵיין אַ הֵיילִיג פָאלְק צוּ דֶעם
הַאר דֵיין גָאט אַזוֹי וְויא עֶר הָאט
גֶערֶעט:

קאַפּיטעל כז

1 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן
יִשְׂרָאֵל הָאבֶען גֶעבָּאטֶען צוּ דֶעם פָאלְק
אַזוֹי צוּ זָאגֶען; הִיט דָאס גַאנְצֶע
גֶעבָּאט וָואס אִיךְ טְהוּא אֵייךְ הֵיינְט
גֶעבִּיטֶען:
2 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אִין דֶעם טָאג
וָואס אִיהְר וֶועט אִיבֶּערפָאהְרֶען דֶעם
יַרְדֵן צוּ דֶעם לַאנְד וָואס דֶער הַאר
דֵיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען, אַזוֹי זָאלְסְט
דוּא דִיר אוֹיפְשְׁטֶעלֶען גְרוֹיסֶע שְׁטֵיי־
נֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא קַאלֶעכֶען
מִיט קַאלֶעךְ:
3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיף זֵייא שְׁרֵייבֶּען
אַלֶע וֶוערְטֶער פוּן דֶער דָאזִיגֶער תּוֹרָה,
וֶוען דוּא בִּיזְט אַרִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען, אַז
דוּא זָאלְסְט אַרֵיינְקוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד
וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיר
גֶעבֶּען, אַ לַאנְד וָואס פְלִיסְט מִיט
מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג, אַזוֹי וְויא דֶער הַאר,
דֶער גָאט פוּן דֵיינֶע עֶלְטֶערְן הָאט צוּ
דִיר גֶערֶעט:
4 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין, וֶוען אִיהְר
וֶועט אַרִיבֶּערְגֵיין דֶעם יַרְדֵן, אַזוֹי זָאלְט
אִיהְר אוֹיפְשְׁטֶעלֶען דִיא דָאזִיגֶע שְׁטֵיינֶער
וָואס אִיךְ גֶעבִּיט אֵייךְ הֵיינְט, אוֹיף
דֶעם בַּארְג עֵיבָל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
זֵייא קַאלֶעכֶען מִיט קַאלֶעךְ:
5 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דָארְטֶען בּוֹיעֶן אַ
מִזְבֵּחַ צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אַ מִזְבֵּחַ
פוּן שְׁטֵיינֶער, דוּא זָאלְסְט נִיט אוֹיפְ־
הֵייבֶּען אִיבֶּער זֵייא קֵיין אֵייזֶען
(וֶוערְקְצֵייג):
6 אוֹיס גַאנְצֶע שְׁטֵיינֶער זָאלְסְט דוּא
בּוֹיעֶן דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם הַאר דֵיין
גָאט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיף אִיהְם
מַקְרִיב זֵיין בְּרַאנְדאָפְּפֶער צוּ דֶעם
הַאר דֵיין גָאט:
7 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שֶׁעכְטֶען קָרְבַּן

שְׁלָמִים אוּנְד דוּא זָאלְסְט דָארְטֶען
עֶסֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ פְרֵייעֶן
פָאר דֶעם הַאר דֵיין גָאט :
8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שְׁרֵייבֶּען אוֹיף
דִיא שְׁטֵיינֶער אַלֶע וֶוערְטֶער פוּן דֶער
דָאזִיגֶע תּוֹרָה, גוּט בֶּעשְׁייד :
9 אוּנְד משֶׁה אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים, דִיא
לְוִיִּם הָאבֶּען גֶערֶעט צוּ גַאנְץ יִשְׂרָאֵל,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, פֶערְנֶעם אוּנְד הֶערְט
צוּ, אָ יִשְׂרָאֵל! דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג
בִּיזְט דוּא גֶעוָוארֶען צוּ אֵיין פָאלְק צוּ
דֶעם הַאר דֵיין גָאט :
10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעהָארְכֶען צוּ
דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט,
אוּנְד זָאלְסְט טְהוּן זֵיינֶע מִצְוֹת, אוּנְד
זֵיינֶע גֶעזֶעצֶע וָואס אִיךְ גֶעבִּיט דִיר
הֵיינְט :
11 אוּנְד משֶׁה הָאט דֶעם פָאלְק
גֶעבָּאטֶען אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אַזוֹי
צוּ זָאגֶען :
12 דִיא דָאזִיגֶע זָאלֶען שְׁטֵיין צוּ
בֶּענְשֶׁען דָאס פָאלְק אוֹיף דֶעם בַּארְג
גְרִיזִים, וֶוען אִיהְר וֶועט אִיבֶּערְפָאהְרֶען
דֶעם יַרְדֵן, שִׁמְעוֹן אוּנְד לֵוִי, אוּנְד
יְהוּדָה, אוּנְד יִשָּׂשכָר, אוּנְד יוֹסֵף אוּנְד
בִּנְיָמִן :
13 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זָאלֶען שְׁטֵיין צוּ
פְלוּכֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג עֵיבָל, רְאוּבֵן
גָד אוּנְד אָשֵׁר, אוּנְד זְבוּלוּן דָן אוּנְד
נַפְתָּלִי :
14 אוּנְד דִיא לְוִיִּם זָאלֶען עֶנְטְפֶערְן
אוּנְד זֵייא זָאלֶען זָאגֶען צוּ אַלֶע יִשְׂרָאֵל
מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל :
15 פֶערְפְלוּכְט זָאל דֶער מַאן וֶוערֶען
וָואס וֶועט מַאכֶען אַ גֶעצֶענְבִּילְד אָדֶער
אַ גֶעגָאסֶענֶעם בִּילְד אַן אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט
פוּן גָאט, אַ הַאנְד וֶוערְק פוּן אַ קִינְסְטְ-
לֶער, אוּנְד עֶר מַאכְט עֶס אִים פֶערְבָּארְ-
גֶענֶעם, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל
עֶנְטְפֶערְן אוּנְד זָאלֶען זָאגֶען אָמֵן :
16 פֶערְפְלוּכְט זָאל דֶער זֵיין וָואס
פֶערְאַכְטֶעט זֵיין פָאטֶער אוּנְד זֵיינֶע
מוּטֶער, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל
זָאגֶען אָמֵן :
17 פֶערְפְלוּכְט זָאל דֶער זֵיין וָואס
רִיקְט אַוֶועק דִיא גְרֶענְעץ פוּן זֵיין
חַבֵר, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל
זָאגֶען אָמֵן :
18 פֶערְפְלוּכְט זָאל דֶער זֵיין וָואס
מַאכְט אַ בְּלִינְדֶען בְּלָאנְזֶען אוֹיף דֶעם
וֶועג, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל
זָאגֶען אָמֵן :
19 פֶערְפְלוּכְט זָאל דֶער זֵיין וָואס
מַאכְט אָפְּנֵייגֶען דָאס מִשְׁפָּט פוּן אַ גֵר,
יָתוֹם אוּנְד אַן אַלְמָנָה, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק זָאל זָאגֶען אָמֵן :
20 פֶערְפְלוּכְט זָאל דֶער זֵיין וָואס
לִיגְט מִיט דֶעם וַוייבּ פוּן זֵיין פָאטֶער,
וָוארִין עֶר עֶנְטְפְּלֶעקְט דִיא שַׁאנְד פוּן
זֵיין פָאטֶער, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק
זָאל זָאגֶען אָמֵן :
21 פֶערְפְלוּכְט זָאל דֶער זֵיין וָואס
לִיגְט מִיט אַ בְּהֵמָה, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע
פָאלְק זָאל זָאגֶען אָמֵן :
22 פֶערְפְלוּכְט זָאל דֶער זֵיין וָואס
לִיגְט מִיט זֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, דִיא
טָאכְטֶער פוּן זֵיין פָאטֶער, אָדֶער דִיא
טָאכְטֶער פוּן זֵיין מוּטֶער, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק זָאל זָאגֶען אָמֵן :
23 פֶערְפְלוּכְט זָאל דֶער זֵיין וָואס
לִיגְט מִיט זֵיינֶע שְׁוִוינֶער, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק זָאל זָאגֶען אָמֵן :
24 פֶערְפְלוּכְט זָאל דֶער זֵיין וָואס
שְׁלָאגְט זֵיין חַבֵר אִים פֶערְבָּארְגֶענֶעם,

אוּנְד

אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל זָאגֶען אָמֵן :
25 פֶערפְלוּכְט זָאל דֶער זַיין וָואס
גֶעמְט שֹחַד צוּ דֶערשְׁלָאגֶען אַ נֶפֶשׁ,
אוּנְשׁוּלְדִיג בְּלוּט, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע
פָאלְק זָאל זָאגֶען אָמֵן :
26 פֶערפְלוּכְט זָאל דֶער זַיין וָואס
וֶועט נִיט מְקַיֵּים זַיין דִיא וֶוערְטֶער פוּן
דֶער דָאזִיגֶע תּוֹרָה, זַייא צוּ טְהוּן, אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל זָאגֶען אָמֵן :

קאפיטעל כח

1 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז דוּא וֶועסְט
צוּהֶערֶען צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר
דַיין גָאט, צוּ הִיטֶען צוּ טְהוּן אַלֶע
זַיינֶע מִצְוֹת וָואס אִיךְ גֶעבִּיט דִיר הַיינְט,
אַזוֹי וֶועט דִיךְ דֶער הַאר דַיין גָאט
מַאכֶען דָאס הֶעכְסְטֶע אִיבֶּער אַלֶע
פֶעלְקֶער פוּן דֶער עֶרְד :
2 אוּנְד עֶס וֶועלֶען קוּמֶען אִיבֶּער דִיר
אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע בְּרָכוֹת, אוּנְד זַייא
וֶועלֶען דִיךְ גְרַייכֶען, וֶוען דוּא וֶועסְט
גֶעהָארְכֶען צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר
דַיין גָאט :
3 גֶעבֶּענְשְׁט וֶועסְט דוּא זַיין אִין דִיא
שְׁטָאט, אוּנְד גֶעבֶּענְשְׁט וֶועסְט דוּא
זַיין אוֹיף דֶעם פֶעלְד :
4 גֶעבֶּענְשְׁט וֶועט זַיין דִיא פְרוּכְט פוּן
דַיין לֵייב, אוּנְד דִיא פְרוּכְט פוּן דַיין
לַאנְד, אוּנְד דִיא פְרוּכְט פוּן דַיינֶע
בְּהֵמוֹת, דִיא פֶערְוַוארְפוּנְג פוּן דַיינֶע
רִינְדֶער, אוּנְד דִיא סְטַאדֶעס פוּן דַיינֶע
שָׁאף :
5 גֶעבֶּענְשְׁט וֶועט זַיין דַיין קָארְבּ
אוּנְד דַיין אִיבֶּערבְּלַייבּוּנְג :
6 גֶעבֶּענְשְׁט וֶועסְט דוּא זַיין אִין דַיין
אַרַיינְקוּמֶען, אוּנְד גֶעבֶּענְשְׁט וֶועסְט דוּא
זַיין אִין דַיין אַרוֹיסְגַיין :
7 גָאט וֶועט גֶעבֶּען אַז דַיינֶע פֵיינְד
וָואס שְׁטֵייעֶן אוֹיף קֶעגֶען דִיר זָאלֶען
פַאר דִיר גֶעפְּלָאגְט וֶוערֶען, אוֹיף אֵיין
וֶועג וֶועלֶען זַייא קֶעגֶען דִיר אַרוֹיסְגַיין
אוּנְד אוֹיף זִיבֶּען וֶועגֶען וֶועלֶען זַייא
פַאר דִיר עֶנְטְלוֹיפֶען :
8 גָאט וֶועט אִיבֶּער דִיר גֶעבִּיטֶען
דִיא בְּרָכָה אִין דַיינֶע אוֹצְרוֹת, אוּנְד
אִין אַלֶע אוֹיסְשְׁטְרֶעקוּנְג פוּן דַיינֶע
הֶענְד, אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ בֶּענְשֶׁען
אִין דֶעם לַאנְד וָואס דֶער הַאר דַיין
גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען :
9 גָאט וֶועט דִיךְ אוֹיפְרִיכְטֶען צוּ זִיךְ
צוּ אַ הֵיילִיג פָאלְק, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט
צוּ דִיר גֶעשְׁוָוארֶען, וֶוען דוּא וֶועסְט
הִיטֶען דִיא מִצְוֹת פוּן דֶעם הַאר דַיין
גָאט, אוּנְד וֶועסְט גֵיין אִין זַיינֶע וֶועג :
10 אוּנְד אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן דֶער עֶרְד
וֶועלֶען זֶעהֶען אַז דֶער נָאמֶען פוּן יְהוָֹה
אִיז אוֹיף דִיר גֶערוּפֶען, אוּנְד זַייא
וֶועלֶען זִיךְ פַאר דִיר פָארְכְטֶען :
11 אוּנְד גָאט וֶועט דִיךְ פֶערְמֶעהְרֶען
צוּם גוּטֶען, אִין דֶער פְרוּכְט פוּן דַיין
לֵייבּ, אוּנְד אִין דֶער פְרוּכְט פוּן דַיינֶע
בְּהֵמוֹת, אוּנְד אִין דֶער פְרוּכְט פוּן
דַיין לַאנְד, אוֹיף דֶעם לַאנְד וָואס גָאט
הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ דַיינֶע עֶלְטֶערְן,
אַז עֶר זָאל עֶס צוּ דִיר גֶעבֶּען :
12 גָאט וֶועט צוּ דִיר עֶפֶענֶען זַיין
גוּטֶען אוֹצָר, דֶעם הִימֶעל, אוּם צוּ
דִיר צוּ גֶעבֶּען רֶעגֶען אוֹיף דַיין לַאנְד
אִין זַיינֶע צַייט, אוּנְד צוּ בֶּענְשֶׁען אַלֶע
וֶוערְק פוּן דַיינֶע הֶענְד, אוּנְד דוּא
וֶועסְט בָּארְגֶען צוּ פִילֶע פֶעלְקֶער,
אָבֶּער דוּא וֶועסְט נִיט גֶעבָּארְגְט נֶעמֶען :
13 אוּנְד גָאט וֶועט דִיךְ מַאכֶען צוּם
קָאפּ אוּנְד נִיט צוּם שְׁוַואנְץ, אוּנְד דוּא
וֶועסְט נָאר זַיין פוּן אוֹיבֶּען, אוּנְד דוּא

וֶועסְט נִיט זַיין פוּן אוּנְטֶען, וֶוען דוּא וֶועסְט גֶעהָארְכֶען צוּ דִיא מִצְוֹת פוּן דֶעם הַאר דַיין גָאט, וָואס אִיךְ טְהוּא דִיר הַיינְט גֶעבִּיטֶען צוּ הִיטֶען אוּנְד צוּ טְהוּן:

14 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט אָפְּקֶעהְרֶען פוּן אַלֶע וֶוערְטֶער וָואס אִיךְ טְהוּא אַייךְ הַיינְט גֶעבִּיטֶען, עֶנְטוֶועדֶער צוּר רֶעכְטֶען אָדֶער צוּר לִינְקֶען, נָאכְצוּגֵיין נָאךְ אַנְדֶערֶע גֶעטֶער אוּנְד זַייא צוּ דִינֶען:

15 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט גֶעהָארְכֶען צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר דַיין גָאט, צוּ הִיטֶען אוּנְד צוּ טְהוּן אַלֶע זַיינֶע מִצְוֹת אוּנְד זַיינֶע גֶעזֶעצֶע וָואס אִיךְ טְהוּא דִיר הַיינְט גֶעבִּיטֶען, אַזוֹי וֶועלֶען אִיבֶּער דִיר קוּמֶען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע קְלָלוֹת, אוּנְד זַייא וֶועלֶען דִיךְ גְרֵייכֶען:

16 פֶערפְלוּכְט וֶועסְט דוּא זַיין אִין דִיא שְׁטָאט, אוּנְד פֶערפְלוּכְט וֶועסְט דוּא זַיין אִין דֶעם פֶעלְד:

17 פֶערפְלוּכְט וֶועט זַיין דַיין קָארְבּ, אוּנְד דַיין אִיבֶּערבְּלַייבּוּנְג

18 פֶערפְלוּכְט וֶועט זַיין דִיא פְרוּכְט פוּן דַיין לֵייבּ אוּנְד דִיא פְרוּכְט פוּן דַיין לַאנְד; דִיא וַוארְפוּנְג פוּן דַיינֶע רִינְדֶער, אוּנְד דִיא סְטַאדֶעס פוּן דַיינֶע שָׁאף:

19 פֶערפְלוּכְט וֶועסְט דוּא זַיין אִין דַיין אַרַיינְקוּמֶען, אוּנְד פֶערפְלוּכְט וֶועסְט דוּא זַיין אִין דַיין אַרוֹיסְגֵיין:

20 גָאט וֶועט אִין דִיר שִׁיקֶען דִיא מִינֶערוּנְג, דִיא פֶערְטוּמְלוּנְג אוּנְד דִיא פֶערְדַארְבּוּנְג אִין אַלֶע אוֹיסְשְׁטְרֶעקוּנְגֶע פוּן דַיינֶע הַאנְד וָואס דוּא וֶועסְט טְהוּן, בִּיז עֶר וֶועט דִיךְ פֶערְטִילְגֶען, אוּנְד בִּיז דוּא וֶועסְט גֶעשְׁוִוינְד פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען וֶועגֶען דַיינֶע שְׁלֶעכְטֶע וֶוערְק וָואס דוּא הָאסְט מִיךְ פֶערְלָאזֶען:

21 גָאט וֶועט אַן דִיר בֶּעהֶעפְטֶען דִיא פֶּעסְט בִּיז עֶר וֶועט דִיךְ אִים גַאנְצֶען פֶערְטִילְגֶען פוּן דֶעם לַאנְד אַוְואוּ דוּא קוּמְסְט דָארְט אַהִין עֶס צוּ אַרְבֶּען:

22 גָאט וֶועט דִיךְ שְׁלָאגֶען מִיט שְׁווִינְדְזוּכְט, אוּנְד קַדַחַת, אוּנְד מִיט אַ פֶערְהִיצוּנְג, אוּנְד מִיט אַ שְׁוֶוערְט, אוּנְד מִיט קָארְנבְּרַאנְד, אוּנְד מִיט אַ גֶעלְבּ־זוּכְט, אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ נָאכְיָאגֶען בִּיז דוּא וֶועסְט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען:

23 אוּנְד דַיינֶע הִימֶעל וֶועלֶען זַיין אִיבֶּער דַיין קָאפּ קוּפֶּער, אוּנְד דִיא עֶרְד אוּנְטֶער דִיר וֶועט זַיין אַייזֶען:

24 גָאט וֶועט גֶעבֶּען אַלְס רֶעגֶען פוּן דַיין לַאנְד שְׁטוֹיבּ אוּנְד אַשׁ; עֶר וֶועט עֶס לָאזֶען אַרוּפְּקוּמֶען פוּן הִימֶעל אִיבֶּער דִיר, בִּיז דוּא וֶועסְט פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען:

25 גָאט וֶועט גֶעבֶּען אַז דוּא זָאלְסְט גֶעפְלָאגְט וֶוערֶען פַאר דַיינֶע פֵיינְד, אוֹיף אֵיין וֶועג וֶועסְט דוּא קֶעגֶען אִיהְם אַרוֹיסְגֵיין אוּנְד אוֹיף זִיבֶּען וֶועגֶען וֶועסְט דוּא פַאר אִיהְם אֶנְטְלוֹיפֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט זַיין אִין צִיטֶערְנִיס פַאר אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶע פוּן דֶער עֶרְד:

26 אוּנְד דַיין טוֹיטֶער לֵייבּ וֶועט זַיין אַלְס שְׁפֵּייז צוּ אַלֶע פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל, אוּנְד צוּ דִיא חַיוֹת פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד קֵיינֶער וֶועט זַייא אָפְּשְׁרֶעקֶען:

27 גָאט וֶועט דִיךְ שְׁלָאגֶען מִיט דֶעם שְׁחִין פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד מִיט פֵייכְטֶע בְּלַאטֶערְן, אוּנְד מִיט פֵייכְטֶען גְרִינְד אוּנְד דַארֶען גְרִינְד פוּן וֶועלְכֶע דוּא קֶענְסְט נִיט גֶעהֵיילְט וֶוערֶען:

28 גָאט וֶועט דִיךְ שְׁלָאגֶען מִיט
מְשׁוּגַעַת, אוּנְד מִיט בְּלִינְדְהֵייט אוּנְד
מִיט אַ פֶערְטִימֶעלְט הַארְץ:
29 אוּנְד דוּא וֶועסְט טַאפֶּען אִין מִיטֶען
טָאג, אַזוֹי וִויא אַ בְּלִינְדֶער טַאפְּט אִין
דֶער פִינְסְטֶערְנִים, אוּנְד דֵיין וֶועג וֶועט
נִיט בֶּעגְלִיקֶען, גֵייעֶרְט דוּא וֶועסְט זַיין
אוּנְטֶערְדְרִיקְט אוּנְד בֶּעגַזֶלְט אַלֶע
דֵיינֶע טֶעג, אוּנְד קֵיינֶער וֶועט דִיר נִיט
הֶעלְפֶען:
30 אַ וַייבּ וֶועסְט דוּא עֶנְטשְׁפּוּזֶען,
אָבֶּער אַן אַנְדֶערֶער מַאן וֶועט מִיט
אִיהְר לִיגֶען; דוּא וֶועסְט בּוֹיעֶן אַ הוֹיז,
אָבֶּער דוּא וֶועסְט נִיט דַארִין וְואוֹינֶען,
דוּא וֶועסְט פְּלַאנְצֶען אַ וַויינְגָארְטֶען
אָבֶּער דוּא וֶועסְט אִיהְם נִיט אוֹיסְלֵייזֶען
(מְחַלֵל זַיין):
31 דֵיין אָקְס וֶועט פַאר דֵיינֶע אוֹיגֶען
גֶעשָׁאכְטֶען וֶוערֶען אָבֶּער דוּא וֶועסְט
נִיט פוּן אִיהְם עֶסֶען; דֵיין אֵייזֶעל וֶועט
פוּן דִיר גֶעגַזֶלְט וֶוערֶען אוּנְד וֶועט נִיט
צוּ דִיר צוּרִיקְגֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען; דֵיינֶע
שָׁאף וֶועלֶען גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ דֵיינֶע
פֵיינְד, אוּנְד עֶס וֶועט נִיט צוּ דִיר זַיין
אַ הֶעלְפֶער:
32 דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד דֵיינֶע טֶעכְטֶער
וֶועלֶען גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ אַן אַנְדֶער
פָאלְק, אוּנְד דֵיינֶע אוֹיגֶען וֶועלֶען עֶס
זֶעהֶען אוּנְד וֶועלֶען נָאךְ זֵייא שְׁמַאכְטֶען
דֶען גַאנְצֶען טָאג, אוּנְד עֶס וֶועט קֵיינֶע
מַאכְט צוּ דִיר זַיין:
33 דִיא פְּרוּכְט פוּן דֵיין לַאנְד, אוּנְד
אַלֶע דֵיינֶע בֶּעמִיהוּנְג וֶועט אַן אַנְדֶער
פָאלְק עֶסֶען, וָואס דוּא הָאסְט נִיט
גֶעקֶענְט, אוּנְד דוּא וֶועסְט נָאר זַיין
אוּנְטֶערְדְרִיקְט אוּנְד צוּשְׁטוֹיסֶען אַלֶע
טֶעג:
34 אוּנְד דוּא וֶועסְט זַיין מְשׁוּגָע פוּן
וֶועגֶען דֶעם וָואס דוּא וֶועסְט זֶעהֶען
מִיט דֵיינֶע אוֹיגֶען:
35 גָאט וֶועט דִיךְ שְׁלָאגֶען מִיט אַ
שְׁלֶעכְטֶען גְרִינְד אוֹיף דִיא קְנִיעֶן אוּנְד
אוֹיף דִיא שֶׁענְקֶעל פוּן וָואס דוּא וֶועסְט
נִיט קֶענֶען גֶעהֵיילְט וֶוערֶען, פוּן דֵיין
פוּסְבַּאלֶען בִּיז צוּ דֵיין שֵׁייטֶעל:
36 גָאט וֶועט דִיךְ אַוֶועקְפִּיהְרֶען מִיט
דֵיין מֶלֶךְ וָואס דוּא וֶועסְט דִיר אוֹיפְ־
שְׁטֶעלֶען, צוּ אַ פָאלְק וָואס דוּא אוּנְד
דֵיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט,
אוּנְד דוּא וֶועסְט דָארְטֶען דִינֶען אַנְדֶערֶע
גֶעטֶער פוּן הָאלְץ אוּנְד שְׁטֵיין:
37 אוּנְד דוּא וֶועסְט זַיין צוּ וְוּיסְט,
אוּנְד צוּ אַ מָשָׁל, אוּנְד צוּ אַ פֶּער־
שְׁפָּאטוּנְג אוּנְטֶער אַלֶע פֶעלְקֶער אַוְואוּ
גָאט וֶועט דִיךְ דָארְט אַהִין פִיהְרֶען:
38 פִיל זָאמֶען וֶועסְט דוּא אַרוֹיסְ־
בְּרֶענְגֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד אָבֶּער וֵוינִיג
וֶועסְט דוּא אֵיינְזַאמֶעלְן, וָוארִין דִיא
הֵיישְׁרֶעקֶען וֶועלֶען עֶס אוֹיפְפְרֶעסֶען:
39 דוּא וֶועסְט פְּלַאנְצֶען וַויינְגֶערְטֶען
אוּנְד וֶועסְט אַרְבֵּייטֶען, אָבֶּער דֶען וַויין
וֶועסְט דוּא נִיט טְרִינְקֶען אוּנְד נִיט
אֵיינְזַאמֶעלְן, וָוארִין דִיא וֶוערְם וֶועלֶען
עֶס אוֹיפְפְרֶעסֶען:
40 דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אֵיילְבֶּערְטֶען
בֵּיימֶער אִין אַלֶע דֵיינֶע גְרֶענְעצֶען,
אָבֶּער דוּא וֶועסְט דִיךְ נִיט זַאלְבֶּען
מִיט דֶעם אֵייל, ווייל זֵייא וֶועלֶען
אָפְּוַוארְפֶען דֵיינֶע אֵיילְבֶּערְטֶען:
41 דוּא וֶועסְט גֶעווִינֶען זִיהְן אוּנְד
טֶעכְטֶער, אָבֶּער זֵייא וֶועלֶען נִיט צוּ
דִיר זַיין וָוארִין זֵייא וֶועלֶען גֵיין אִין
דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט:
42 אַלֶע דֵיינֶע בֵּיימֶער אוּנְד דִיא

פְּרוּכְט פוּן דֵיין לַאנְד וֶועלֶען דִיא הֵיישְׁרֶעקֶען פֶערְצֶערֶעמֶען:

43 דֶער גֵר וָואס אִיז צְווִישֶׁען דִיר וֶועט אִיבֶּער דִיר מֶעהְר אוּנְד מֶעהְר אַרוֹיפְשְׁטֵייגֶען, אָבֶּער דוּא וֶועסְט מֶעהְר אוּנְד מֶעהְר נִידְרִיגֶער וֶוערֶען:

44 עֶר וֶועט דִיר אוֹיסלֵייעֶן אָבֶּער דוּא וֶועסְט אִיהְם נִיט לֵייעֶן; עֶר וֶועט זֵיין צוּ אַ קָאפּ אָבֶּער דוּא וֶועסְט זֵיין צוּ אַ שְׁוַואנְץ:

45 אוּנְד אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע קְלָלוֹת וֶועלֶען אִיבֶּער דִיר קוּמֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דִיך עֶרגְרֵייכֶען בִּיז דוּא וֶועסְט פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען, ווייל דוּא הָאסְט נִיט גֶעהָארְכְט אַן דֶער שְׁטִים פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט, צוּ הִיטֶען זֵיינֶע מִצְוֹת אוּנְד גֶעזֶעץ וָואס אִיך הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען:

46 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין צוּ אַ צֵייכֶען אוּנְד צוּ אַ וְואוּנְדֶער, אַן דִיר אוּנְד אַן דֵיין זָאמֶען בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג:

47 ווייל דוּא הָאסְט נִיט גֶעדִינְט דֶעם הַאר דֵיין גָאט מִיט פְרֵייד אוּנְד אַ גוּט הַארְץ ווייל דוּא הָאסְט אַלֶעס פִיל גֶעהַאט:

48 אוּנְד דוּא וֶועסְט דִינֶען דֵיינֶע פֵיינְד וֶועלְכֶע גָאט וֶועט קֶעגֶען דִיר שִׁיקֶען, מִיט הוּנְגֶער אוּנְד דוּרְשְׁט, אוּנְד מִיט נַאקְטְהֵייט, אוּנְד עֶס וֶועט דִיר אַלֶעס פֶעהְלֶען; אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיף דֵיין הַאלְז גֶעבֶּען אַן אֵייזֶערְנֶעם יָאך, בִּיז עֶר וֶועט דִיך פֶערְטִילְגֶען:

49 גָאט וֶועט אִיבֶּער דִיר אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען אַ פָאלְק פוּן ווייטֶען, פוּן עֶק וֶועלְט, אַזוֹי (גֶעשְׁווִינְד) וִויא דֶער אָדְלֶער שְׁוֶועבְּט, אַ פָאלְק וָואס דוּא פֶערְשְׁטֵייסְט נִיט זֵייעֶר לָשׁוֹן:

50 אַ פָאלְק וָואס אִיז אַן עַזּוּת פָּנִים, אוּנְד וָואס אִיז נִיט אַ נוֹשֵׂא פָּנִים, עֶר וֶועט קֵיין רַחְמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף אֵיין אַלְטֶען מַאן אָדֶער אַ קִינְד:

51 אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיפְעֶסֶען דִיא פְּרוּכְט פוּן דֵיינֶע בְּהֵמוֹת, אוּנְד דִיא פְרוּכְט פוּן דֵיין לַאנְד, בִּיז דוּא וֶועסְט פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען, וָואס וֶועט דִיר נִיט אִיבֶּערְלָאזֶען קֵיין קָארְן, אוּנְד וויין, אוּנְד אֵייל, דִיא וַוארְפוּנְג פוּן דֵיינֶע רִינְדֶער, אוּנְד דִיא סְטַאדֶעס פוּן דֵיינֶע שָׁאף, בִּיז עֶר וֶועט דִיך פֶערְטִילְגֶען:

52 אוּנְד עֶס וֶועט דִיך בֶּעדְרֶענְגֶען אִין אַלֶע דֵיינֶע טוֹיעֶרְן, בִּיז דֵיינֶע הוֹיכֶע אוּנְד פֶעסְטֶע מוֹיעֶרְן אִין וֶועלְכֶע דוּא פֶערְזִיכֶערְסְט דִיך אִין דֵיין גַאנְצֶען לַאנְד, וֶועלֶען אַרוּנְטֶער גֶענִידֶערְט וֶוערֶען, אוּנְד עֶר וֶועט דִיך בֶּעדְרֶענְגֶען אִין אַלֶע דֵיינֶע טוֹיעֶרְן, אִין דֵיין גַאנְצֶען לַאנְד וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיר גֶעגֶעבֶּען:

53 אוּנְד דוּא וֶועסְט עֶסֶען דִיא פְּרוּכְט פוּן דֵיין לֵייבּ, דָאס פְלֵייש פוּן דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד דֵיינֶע טֶעכְטֶער וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען, אִין דֶער בֶּעלַאגֶערוּנְג אוּנְד בֶּעצְווִינְגֶענִישׁ, מִיט וָואס דֵיין פֵיינְד וֶועט דִיך בֶּעצְווִינְגֶען:

54 דֶער מַאן וָואס אִיז אַם ווייכְסְטֶען אוּנְטֶער דִיר, אוּנְד זֶעהְר אֵיידֶעל, זֵיין אוֹיג וֶועט זֵיין שְׁלֶעכְט קֶעגֶען זֵיין בְּרוּדֶער אוּנְד קֶעגֶען דֶעם וויבּ פוּן זֵיין שׁוֹיס, אוּנְד דִיא אִיבֶּערגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן זֵיינֶע קִינְדֶער (אוֹיך):

55 אוּנְד עֶר וֶועט קֵיינֶעם פוּן זֵייא וֶועלֶען גֶעבֶּען פוּן דֶעם פְלֵייש פוּן זֵיינֶע קִינְדֶער, וָואס עֶר וֶועט עֶסֶען,

ווייל עס וועט איהם גאר ניט איבערבּ־
בלייבען אין דער בעלאַגערונג מיט
וואס דיין פיינד וועט דיך בעלאַגערן
אין אַלע דיינע טויערן :
56 דיא ווייכסטע (אשה) אונד דיא
איידעלסטע אונטער דיר, וואס האט
ניט אַמאל איהר פוססאַלען אויף דער
ערד געשטעלט, ווייל זיא איז איידעל
אונד ווייך, איהר אויג וועט אויך זיין
שלעכט קעגען דעם מאן פון איהר
שויס, אונד קעגען איהר זיהן אונד
קעגען איהרע טאכטער :
57 אונד איהרע נאכגעבורט אונד
איהרע קליינע קינדער וואס זיא וועט
געווינען דיא וועט זיא אויפעסען אים
פערבאָרגענעם ווייל עס וועט איהר
אַלעס פעהלען, אין דער בעצווינגעניש
אונד אין דער בעלאַגערונג מיט וואס
דיין פיינד וועט דיך בעדרענגען אין
דיינע טויערן :
58 ווען דוא וועסט ניט היטען צו
טהון אַלע ווערטער פון דער דאזיגער
תורה, וואס שטייט געשריבען אין דעם
דאזיגען ספר צו פארכטען דעם דאזיגען
הערליכען אונד פארכטיגען נאמען,
דעם האר דיין גאט :
59 אונד אַזוי וועט גאט מאַכען
וואונדערליך דיינע שלעק, אונד דיא
שלעק פון דיינע קינדער, גרויסע אונד
בעגלייבטע שלעק, אונד שלעכטע אונד
בעגלייבטע קראַנקהייטען :
60 אונד ער וועט אויף דיר מאַכען
ווידערקערען אַלע ווייטונגען פון מצרים,
וואס דוא האסט דיך פאר זייא גע־
פארכטען, אונד זייא וועלען זיך אַן דיר
בעהעפטען :
61 אויך אַלע קראַנקהייטען אונד
אַלע שלעק וואס שטייען ניט געשריבען
אין דער דאזיגער תורה וועט גאט
איבער דיר אַרויפבּרענגען, בּיז ער
וועט דיך פערטילגען :
62 אונד איהר וועט איבערבלייבען
ווייניג פאלק, אַנשטאַט וואס איהר
זענט געוועזען אַזוי פיל וויא דיא
שטערן פון הימעל, ווייל דוא האסט
ניט געהאָרכט צו דער שטים פון דעם
האר דיין גאט :
63 אונד עס וועט זיין אַזוי וויא גאט
האט זיך איבער אייך געפרייט אום
אייך גוטעס צו טהון, אַזוי וועט זיך
גאט איבער אייך פרייען אייך צו
מאַכען פערלירען אונד אייך צו פער־
טילגען אונד אייך צו פערשטויסען פון
דעם לאַנד וואס דוא קומסט דאָרט
אַהין עס צו ירשנ'ן :
64 אונד גאט וועט דיך פערשפּרייטען
אונטער אַלע פעלקער, פון איין עק
וועלט בּיז צום אַנדערן עק וועלט,
אונד דוא וועסט דאָרטען דינען אַנדערע
געטער וואס דוא האסט ניט געקענט,
דוא אונד דיינע עלטערן (אויך ניט),
פון האלץ אונד שטיין :
65 אונד אונטער דיא דאזיגע פעלקער
וועסט דוא ניט קיין רוה האבען, אונד
עס וועט ניט אַמאל זיין מנוחה פאר
דיין פוססאַלען, אונד גאט וועט דיר
דאָרטען געבען אַ דערשראָקען האַרץ
אונד פערבלענדטע אויגען, אונד אַ
טרויריג געמיט :
66 אונד עס וועט זיין אַז דיין לעבען
וועט דיר ענטקעגען הענגען, אונד
דוא וועסט דיך פארכטען ביי נאכט
אונד ביי טאג, אונד דוא וועסט ניט
זיכער זיין מיט דיין לעבען :

67 אִין דֶער פְֿרִיה װֶעסְט דוּא זָאגֶען, װֶער װָאלְט גֶעגֶעבֶּען אַז עֶס זָאל װֶערֶען אָבֶענְד, אוּנְד אויף דֶעם אָבֶענְד װֶעסְט דוּא זָאגֶען, װֶער װָאלְט גֶעגֶעבֶּען אַז עֶס זָאל װֶערֶען פְֿרִיה מָארְגֶען, מֵחֲמַת דֶער פָּארְכְט פוּן דֵיין הַארְץ װָאס דוּא װֶעסְט דִיךְ פָּארְכְטֶען, אוּנְד מֵחֲמַת פוּן דִיא זֶעהוּנְג פוּן דֵיינֶע אויגֶען װָאס דוּא װֶעסְט זֶעהֶען:

68 אוּנְד גָאט װֶעט דִיךְ צוּרִיקבְּרֶענְגֶען נָאךְ מִצְרַיִם אִין שִׁיפְֿפֶען אויף אַ װֶועג װָאס אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעזָאגְט אַז דוּא זָאלְסְט אִיהְם נִיט מֶעהְר זֶעהֶען; אוּנְד אִיהְר װֶעט װֶעלֶען דָארְט פֶערְקוֹיפְט װֶערֶען צוּ אֵיירֶע פֵיינְד פַאר קְנֶעכְט אוּנְד דִינְסְטמֵיידֶען אוּנְד קֵיינֶער װֶעט אֵיךְ נִיט װֶעלֶען קוֹיפֶען:

69 דָאס זֶענֶען דִיא רֵייד פוּן דֶעם בְּרִית, װָאס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ מֹשֶׁה אַז עֶר זָאל כּוֹרֵת בְּרִית זַיין מִיט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אִין דֶעם לַאנְד מוֹאָב, חוּץ דֶעם בְּרִית װָאס עֶר הָאט מִיט זַייא גֶעמַאכְט אִין חוֹרֵב:

## קאפיטעל כט

1 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערוּפֶען צוּ גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען אַלֶעס װָאס גָאט הָאט גֶעטְהוּן פַאר אֵיירֶע אויגֶען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, צוּ פַּרְעֹה אוּנְד צוּ אַלֶע זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד צוּ זַיין גַאנְצֶען לַאנְד:

2 דִיא גְרוֹיסֶע נִסִּים װָאס דֵיינֶע אויגֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע צֵייכֶען אוּנְד װאוּנְדֶער:

3 אָבֶּער גָאט הָאט אֵייךְ נִיט גֶעגֶעבֶּען אַ הַארְץ צוּ דֶערְקֶענֶען, אוּנְד אויגֶען צוּ זֶעהֶען, אוּנְד אוֹירֶען צוּ הֶערֶען בִּיז צוּ דֶעם דָאזִיגֶען טָאג:

4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעפִֿיהְרְט פֶערְצִיג יָאהְר אִין דֶער מִדְבָּר, אֵיירֶע קְלֵיידֶער זֶענֶען נִיט פוּן אֵייךְ פֶערְפוֹילְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דֵיינֶע שִׁיךְ זֶענֶען נִיט פֶערְפוֹילְט גֶעוָוארֶען פוּן דֵיינֶע פִֿיס:

5 קֵיין בְּרוֹיט הָאט אִיהְר נִיט גֶעגֶעסֶען, אוּנְד װַיין אוּנְד שְׁטַארְקֶע גֶעטְרֶענְק הָאט אִיהְר נִיט גֶעטְרוּנְקֶען, אַז אִיהְר זָאלְט װיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט:

6 אוּנְד װֶען אִיהְר זַייט אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט אַזוֹי זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אֵייךְ עֶנְטְקֶעגֶען, סִיחוֹן קֶענִיג פוּן חֶשְׁבּוֹן, אוּנְד עוֹג קֶענִיג פוּן בָּשָׁן, מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען אוּנְד מִיר הָאבֶּען זַייא גֶעשְׁלָאגֶען:

7 אוּנְד מִיר הָאבֶּען אַװֶעקְגֶענוּמֶען זַייעֶר לַאנְד, אוּנְד מִיר הָאבֶּען עֶס גֶעגֶעבֶּען אַלְס נַחֲלָה צוּ רְאוּבֵן, אוּנְד צוּ גָד, אוּנְד צוּ דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט פוּן מְנַשֶּׁה:

8 אוּנְד דַארוּם זָאלְט אִיהְר הִיטֶען דִיא װֶערְטֶער פוּן דֶעם דָאזִיגֶען בְּרִית, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זַייא טְהוּן, אַז אִיהְר זָאלְט בֶּעגְלִיקֶען אִין אַלֶעם װָאס אִיהְר װֶעט טְהוּן:

## נצבים

9 אִיהְר שְׁטֵייט הַיינְט אַלֶע פַאר דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט, אֵיירֶע הוֹיפְּטלֵייטֶע פוּן אֵיירֶע שְׁבָטִים, אֵיירֶע עֶלְצְטֶע, אוּנְד אֵיירֶע אַמְטְסלֵייטֶע, אִיטְלִיבֶער מַאן פוּן יִשְׂרָאֵל:

10 אֵיירֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אֵיירֶע װַייבֶּער, אוּנְד דֵיין גֵר װָאס אִיז צְװִישֶׁען דֵיינֶע מַחֲנֶה, פוּן דֵיין הָאלְץ־הַאקֶער בִּיז צוּ דֵיין װַאסֶער־שֶׁעפֶּער:

11 דָאס דוא זָאלְסְט אִיבֶּערְפָּארֶען אִין
דֶעם בְּרִית פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט,
אוּנְד אִין זַיינֶער שְׁבוּעָה, וָואס דֶער
הַאר דֵיין גָאט הָאט מִיט דִיר הֵיינְט
כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען:

12 כְּדֵי אַז עֶר זָאל דִיךְ הֵיינְט אוֹיפְ־
רִיכְטֶען צוּ זִיךְ אַלְס אַ פָאלְק, אוּנְד
עֶר וֶועט צוּ דִיר זַיין אַ גָאט, אַזוֹי וִויא
עֶר הָאט צוּ דִיר גֶערֶעט, אוּנְד אַזוֹי
וִויא עֶר הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ דֵיינֶע
עֶלְטֶערְן, צוּ אַבְרָהָם, צוּ יִצְחָק אוּנְד
צוּ יַעֲקֹב:

13 אוּנְד נִיט נוּר מִיט אֵייךְ אַלֵיין
הָאבּ אִיךְ דִיזֶען בְּרִית כּוֹרֵת גֶעוֶועזֶען
אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע שְׁבוּעָה:

14 נֵייעֶרְט אוֹיךְ מִיט דִיא וָואס זֶענֶען
דָא מִיט אוּנְס, וָואס שְׁטֵייעֶן הֵיינְט
פַאר דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט, אוּנְד
אוֹיךְ מִיט דִיא וָואס זֶענֶען נִיט הֵיינְט
דָא מִיט אוּנְס:

15 וָוארִין אִיהְר ווייסט אַז מִיר הָאבֶּען
גֶעווָאוֹינְט אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד
אַז מִיר זֶענֶען אִבֶּערְגֶעפָּאהְרֶען צְוִוישֶׁען
דִיא פֶעלְקֶער וָואס אִיהְר זֶענְט אִיבֶּערְ־
גֶעפָאהְרֶען:

16 אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען זַיירֶע
אוּמְווירְדִיגְקֵייטֶען אוּנְד זַיירֶע אָפְּגֶעטֶער,
פוּן הָאלְץ אוּנְד שְׁטֵיין, פוּן זִילְבֶּער
אוּנְד גָאלְד וָואס זֶענֶען בֵּייא זֵייא:

17 טָאמֶער וֶועט אוּנְטֶער אֵייךְ פֶערְ־
הַאנְדֶען זַיין אַ מַאן אָדֶער אַ פְרוֹי,
אָדֶער אַ מִשְׁפָּחָה, אָדֶער אַ שֵׁבֶט, וָואס
זַיין הַארְץ וֶועט הֵיינְט אָפְּקֶעהְרֶען פוּן
דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט, נָאכְצוּגֵיין אוּנְד
צוּ דִינֶען דִיא אָפְּגֶעטֶער פוּן דִיא
דָאזִיגֶע גוֹיִם, טָאמֶער וֶועט אוּנְטֶער
אֵייךְ פֶערְהַאנְדֶען זַיין אַ וָוארְצֶעל
וָואס בְּלִיהְט אוּנְד אִיז בִּיטֶער וִויא
גַאל אוּנְד וֶוערְמוּט:

18 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז עֶר וֶועט
הֶערֶען דִיא רֵייד פוּן דֶער דָאזִיגֶער
קְלָלָה, אוּנְד וֶועט זִיךְ אִין זַיין הַארְץ
בֶּענְשֶׁען אוּנְד זָאגֶען, עֶס וֶועט צוּ מִיר
זַיין שָׁלוֹם, וָוארִין אִיךְ גֵייא אִין דִיא
פֶעסְטִיגְקֵייט פוּן מֵיין הַארְץ, אַז עֶס
זָאל גֶעמֶעהְרְט וֶוערֶען דֶער דָארְשְׁט
צוּר טְרוּנְקֶענְהֵייט:

19 צוּ דֶעם וֶועט גָאט נִיט וֶועלֶען
פֶערְגֶעבֶּען, נֵייעֶרְט דֶענְסְמָאל וֶועט
רֵייכֶערְן דֶער צָארְן פוּן גָאט, אוּנְד
זַיינֶע קִנְאָה וֶועט זַיין אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
מַאן, אוּנְד עֶס וֶועט זִיךְ אַן אִיהְם
בֶּעהֶעפְטֶען דִיא גַאנְצֶע קְלָלָה וָואס
שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם דָאזִיגֶען
סֵפֶר, אוּנְד גָאט וֶועט אוֹיסְמֶעקֶען זַיין
נָאמֶען פוּן אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל:

20 אוּנְד גָאט וֶועט אִיהְם אָפְּשֵׁיידֶען
צוּם שְׁלֶעכְטֶען, פוּן אַלֶע שְׁבָטִים אִין
יִשְׂרָאֵל, נָאךְ אַלֶע קְלָלוֹת פוּן דֶעם
בְּרִית וָואס שְׁטֵייעֶן גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם
דָאזִיגֶען סֵפֶר תּוֹרָה:

21 אוּנְד דָאס אַנְדֶערֶע דוֹר וֶועט
זָאגֶען, אֵיירֶע קִינְדֶער וָואס וֶועלֶען נָאךְ
אֵייךְ אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד דֶער פְרֶעמְדֶער
וָואס וֶועט קוּמֶען פוּן אַ ווייטֶען לַאנְד,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֶעהֶען דִיא מַכּוֹת
פוּן דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, אוּנְד אִיהְרֶע
קְרֶענְק מִיט וָואס גָאט הָאט עֶס קְרַאנְק
גֶעמַאכְט:

22 שְׁוֶועבֶּעל אוּנְד זַאלְץ הָאט דָאס
גַאנְצֶע לַאנְד פֶערְבְּרֶענְט, עֶס קֶען נִיט
גֶעזֵייעט וֶוערֶען, עֶס קֶען אוֹיךְ נִיט
אוֹיסְשְׁפְּרָאצֶען, אוּנְד עֶס קֶען גָאר קֵיין
שׁוּם גְרֵינֶעס גְרָאז דַארִין אוֹיפְגֵיין, (עֶס



ווערט

װעט זַיין) אַזוי װיא דִיא פֶערקֶעהְרוּנְג פוּן סְדוֹם אוּנְד עֲמוֹרָה, אַדְמָה אוּנְד צְבוֹיִם, װָאס גָאט הָאט זַייא פֶערקֶעהְרְט אִין זַיין גְרִים אוּנְד אִין זַיין צָארְן׃

23 אוּנְד אַלֶע פֶעלְקֶער װֶעלֶען זָאגֶען, װֶעגֶען װָאס הָאט גָאט אַזוי גֶעטְהוּן צוּ דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד? װָאס בֶּעדַייט דֶער דָאזִיגֶער גְרויסֶער גְרִימְצָארְן?

24 אוּנְד זַייא װֶעלֶען זָאגֶען, אִיבֶּער דֶעם װָאס זַייא הָאבֶּען פֶערלָאזֶען דֶעם בְּרִית פוּן דֶעם הַאר, דֶעם גָאט פוּן זַייעֶרע עֶלְטֶערְן, װָאס עֶר הָאט מִיט זַייא כּוֹרֵת בְּרִית גֶעװֶעזֶען װֶען עֶר הָאט זַייא אַרויסְגֶעבְּרַאכְט אויס דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם׃

25 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעדִינְט אַנְדֶערֶע גֶעטֶער, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ צוּ זַייא גֶעבִּיקְט, זָאלְכֶע אָפְּגֶעטֶער װָאס זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא נִיט אָפְּגֶעטֵיילְט׃

26 אַזוי הָאט זִיךְ דֶער צָארְן פוּן גָאט עֶרגְרִימְט אִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, דַארוּיף צוּ בְּרֶענְגֶען אַלֶע קְלָלוֹת װָאס שְׁטֵייעֶן גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם דָאזִיגֶען סֵפֶר׃

27 אוּנְד גָאט הָאט זַייא פֶערשְׁטויסֶען פוּן זַייעֶר לַאנְד מִיט צָארְן, אוּנְד מִיט גְרִים אוּנְד מִיט גְרויסֶען גְרִימְצָארְן, אוּנְד עֶר הָאט זַייא פֶערְװָארְפֶען אִין אַן אַנְדֶער לַאנְד אַזוי װיא עֶס אִיז דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃

28 דִיא פֶערְבָּארְגֶענֶע זַאכֶען זֶענֶען פַאר דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט, אָבֶּער דִיא עֶנְטפְּלֶעקְטֶע גֶעהֶערֶען צוּ אוּנְס אוּנְד צוּ אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער, אויף אֵייבִּיג צוּ טְהוּן אַלֶע װֶערְטֶער פוּן דֶער דָאזִיגֶער תּוֹרָה׃

## קאפיטעל ל

1 אוּנְד עֶס װֶעט זַיין װֶען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען װֶעלֶען אִיבֶּער דִיר קוּמֶען, דִיא בְּרָכָה אוּנְד דִיא קְלָלָה, װָאס אִיךְ הָאבּ פַאר דִיר גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד דוּא װֶעסְט צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דַיין הַארְץ, אוּנְטֶער אַלֶע פֶעלְקֶער אַװְאוּ דֶער הַאר דַיין גָאט הָאט דִיךְ דָארְט אַהִין פֶערשְׁטויסֶען׃

2 אוּנְד דוּא װֶעסְט װִידֶערְקֶעהְרֶען צוּ דֶעם הַאר דַיין גָאט, אוּנְד װֶעסְט גֶע־הָארְכֶען צוּ זַיין קוֹל אִין אַלֶעס װָאס אִיךְ טְהוּא דִיר הַיינְט גֶעבִּיטֶען, דוּא אוּנְד דַיינֶע קִינְדֶער מִיט דַיין גַאנְצֶען הַארְץ אוּנְד מִיט דַיינֶער גַאנְצֶען זֶעלֶע׃

3 אַזוי װֶעט גָאט װִידֶערְקֶעהְרֶען דַיינֶע גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט, אוּנְד עֶר װֶעט זִיךְ אִיבֶּער דִיר דֶערְבַּארְמֶען, אוּנְד עֶר װֶעט צוּרִיקְקֶעהְרֶען, אוּנְד עֶר װֶעט דִיךְ פֶערְזַאמֶעלְן פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער אַװְאוּ דֶער הַאר דַיין גָאט הָאט דִיךְ דָארְטֶען פֶערשְׁפְּרֵייט׃

4 װֶען דוּא װֶעסְט זַיין פֶערשְׁטויסֶען בִּיז צוּם עֶק הִימֶעל, פוּן דָארְטֶען װֶעט דִיךְ דֶער הַאר דַיין גָאט אֵיינְזַאמֶעלְן, אוּנְד פוּן דָארְטֶען װֶעט עֶר דִיךְ נֶעמֶען׃

5 אוּנְד דֶער הַאר דַיין גָאט װֶעט דִיךְ אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם לַאנְד װָאס דַיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען גֶעיַרְשְׁת, אוּנְד דוּא װֶעסְט עֶס יַרְשְׁנ'ן, אוּנְד עֶר װֶעט דִיר גוּטֶעס טְהוּן אוּנְד דִיךְ מֶעהְר מַאכֶען װיא דַיינֶע עֶלְטֶערְן׃

6 אוּנְד דֶער הַאר דַיין גָאט װֶעט בֶּעשְׁנֵיידֶען דַיין הַארְץ, אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן דַיינֶע קִינְדֶער, צוּ לִיבֶּען דֶעם הַאר דַיין גָאט, מִיט דַיין גַאנְצֶען

הָאֶרֶץ אוּנְד מִיט דֵיינֶער גַאנְצֶען זֶעלֶע,
אַז דוּא זָאלְסְט לֶעבֶּען:
7 אוּנְד דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט
גֶעבֶּען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע קְלָלוֹת אוֹיף
דֵיינֶע פֵיינְד, אוֹיף דֵיינֶע שׂוֹנְאִים וָואס
הָאבֶּען דִיךְ פֶערְפָאלְגְט:
8 אוּנְד דוּא וֶועסְט ווִידֶערְקֶעהְרֶען אוּנְד
וֶועסְט גֶעהָארְכֶען אִין דֶעם קוֹל פוּן
גָאט, אוּנְד דוּא וֶועסְט טְהוּן אַלֶע זֵיינֶע
מִצְוֹת וָואס אִיךְ טְהוּא דִיר הֵיינְט
גֶעבִּיטֶען:
9 אוּנְד דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיךְ
מַאכֶען בֶּעגְלִיקֶען אִין אַלֶע וֶוערְק פוּן
דֵיינֶע הֶענְד, אִין דִיא פְרוּכְט פוּן דֵיין
לֵייבּ, אוּנְד אִין דִיא פְרוּכְט פוּן דֵיינֶע
בְּהֵמוֹת, אוּנְד אִין דִיא פְרוּכְט פוּן דֵיין
לַאנְד צוּם גוּטֶען, וָוארִין גָאט וֶועט
ווִידֶערְקֶעהְרֶען זִיךְ אִיבֶּער דִיר צוּ
פְרֵייעֶן צוּם גוּטֶען, אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט
זִיךְ גֶעפְרֵייט אִיבֶּער דֵיינֶע עֶלְטֶערְן:
10 וֶוען דוּא וֶועסְט הֶערֶען אִין דִיא
שְׁטִים פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט, צוּ
הִיטֶען זֵיינֶע מִצְוֹת אוּנְד זֵיינֶע גֶעזֶעץ,
וָואס שְׁטֵייעֶן גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם דָאר־
זִיגֶען סֵפֶר תּוֹרָה, וֶוען דוּא וֶועסְט
ווִידֶערְקֶעהְרֶען צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט,
מִיט דֵיין גַאנְצֶען הַארְץ אוּנְד מִיט
דֵיינֶער גַאנְצֶען זֶעלֶע:
11 וָוארִין דִיא דָאזִיגֶע מִצְוָה וָואס אִיךְ
גֶעבִּיט דִיר הֵיינְט, זִיא אִיז נִיט פֶערְ־
בָּארְגֶען פוּן דִיר, אוּנְד זִיא אִיז אוֹיךְ
נִיט ווַייט:
12 זִיא אִיז נִיט אִים הִימֶעל, אַז דוּא
זָאלְסְט זָאגֶען, וֶוער וֶועט פַאר אוּנְס
אַרוֹיפְגֵיין אִין הִימֶעל אוּנְד עֶס פַאר
אוּנְס הוֹילֶען אַז מִיר זָאלֶען עֶס הֶערֶען
אוּנְד טְהוּן?

13 אוּנְד עֶס אִיז נִיט אוֹיף יֶענֶער
זֵייט פוּן יָם, אַז דוּא זָאלְסְט זָאגֶען,
וֶוער וֶועט פַאר אוּנְס אַרִיבֶּערְגֵיין אִיבֶּער
דֶעם יָם, אוּנְד עֶס פַאר אוּנְס הוֹילֶען,
אַז מִיר זָאלֶען עֶס הֶערֶען אוּנְד טְהוּן?
14 נֵייעֶרְט דָאס וָוארְט אִיז זֶעהְר
נָאהֶענְט צוּ דִיר, אִין דֵיין מוֹיל, אוּנְד
אִין דֵיין הַארְץ אוּם עֶס צוּ טְהוּן:
15 זֶעה, אִיךְ גֶעבּ פַאר דִיר הֵיינְט
דָאס לֶעבֶּען אוּנְד דָאס גוּטֶע, אוּנְד
דֶעם טוֹיט אוּנְד דָאס שְׁלֶעכְטֶע:
16 וָואס אִיךְ גֶעבִּיט דִיר הֵיינְט (אִיז)
צוּ לִיבֶּען דֶעם הַאר דֵיין גָאט, צוּ גֵיין
אִין זֵיינֶע וֶועג, אוּנְד צוּ הִיטֶען זֵיינֶע
מִצְוֹת, אוּנְד זֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד זֵיינֶע
מִשְׁפָּטִים, אַז דוּא זָאלְסְט לֶעבֶּען אוּנְד
וֶועסְט דִיךְ מֶעהְרֶען, אוּנְד דֶער הַאר
דֵיין גָאט וֶועט דִיךְ בֶּענְשֶׁען אִין דֶעם
לַאנְד וָואס דוּא וֶועסְט דָארְט אַהִין
קוּמֶען עֶס צוּ יַרְשְׁנֶ'ן:
17 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט אָבֶּער אָפְּ־
קֶעהְרֶען דֵיין הַארְץ, אוּנְד וֶועסְט נִיט
גֶעהָארְכֶען, אַזוֹי וֶועסְט דוּא וֶוערֶען
פֶערְשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט דִיךְ
בִּיקֶען צוּ אַנְדֶערֶע גֶעטֶער, אוּנְד דוּא
וֶועסְט זֵייא דִינֶען:
18 אַזוֹי זָאג אִיךְ צוּ אֵייךְ הֵיינְט אַז
אִיהְר וֶועט גֶעווִיס פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען,
אִיהְר וֶועט נִיט פֶערְלֶענְגֶערְן אֵיירֶע
טֶעג אוֹיף דֶעם לַאנְד וָואס דוּא גֵייסְט
אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן דָארְט אַהִין צוּ קוּמֶען
עֶס צוּ יַרְשְׁנֶ'ן:
19 אִיךְ נֶעם הֵיינְט קֶעגֶען אֵייךְ
הִימֶעל אוּנְד עֶרְד אַלְס עֵדוּת, דָאס
לֶעבֶּען אוּנְד דֶעם טוֹיט הָאבּ אִיךְ פַאר
דִיר גֶעגֶעבֶּען, (אוֹיךְ) דִיא בְּרָכָה אוּנְד
דִיא קְלָלָה, דֶערְוֵוייל דִיר אָבֶּער דָאס

לֶעבֶּען אַז דוּא אוּנְד דֵיינֶע קִינְדֶער זָאלֶען לֶעבֶּען:

20 צוּ לִיבֶּען דֶעם הַאר דֵיין גָאט, צוּ גֶעהָארְכֶען זַיין קוֹל, אוּנְד דִיךְ צוּ בֶּעהֶעפְטֶען אַן אִיהְם, וָוארִין דָאס אִיז דֵיין לֶעבֶּען, אוּנְד דָאס דֶערְלֶענְגֶערְן פוּן דֵיינֶע טֶעג צוּ וְואוֹינֶען אוֹיף דֶעם לַאנְד וָואס גָאט הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ דֵיינֶע עֶלְטֶערְן, צוּ אַבְרָהָם צוּ יִצְחָק אוּנְד צוּ יַעֲקֹב, עֶס צוּ זֵייא צוּ גֶעבֶּען:

## קאפּיטעל לא וילך

1 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶערֶעט דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער צוּ גַאנְץ יִשְׂרָאֵל:

2 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין הֵיינְט אַלְט הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר, אִיךְ קֶען שׁוֹין נִיט מֶעהְר אַרוֹיסְגֵיין אוּנְד אַרֵיינְקוּמֶען, אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט אִיבֶּערְפָאהְרֶען דֶעם דָאזִיגֶען יַרְדֵן:

3 דֶער הַאר דֵיין גָאט, עֶר וֶועט פַאר דִיר אִיבֶּערְפָאהְרֶען, עֶר וֶועט דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער פַאר דִיר פֶערְטִילְגֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵייא יַרְשְׁנֶ'ן; יְהוֹשֻׁעַ עֶר וֶועט פַאר דִיר אִיבֶּערְפָאהְרֶען אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶערֶעט:

4 אוּנְד גָאט וֶועט צוּ זֵייא טְהוּן אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ סִחוֹן אוּנְד צוּ עוֹג דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶעם אֱמֹרִי, אוּנְד צוּ זֵייעֶר לַאנְד, וָואס עֶר הָאט זֵייא פֶערְמִילְגְט:

5 אוּנְד וֶוען גָאט וֶועט זֵייא פַאר אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר צוּ זֵייא טְהוּן נָאךְ דֶעם גַאנְצֶען גֶעבָּאט וָואס אִיךְ טְהוּא אֵייךְ גֶעבִּיטֶען:

6 שְׁטַארְקְט אֵייךְ, אוּנְד פֶעסְטִיגְט אֵייךְ, פָארְכְט אֵייךְ נִיט, אוּנְד הָאט קֵיין אַנְגְסְט פַאר זֵייא, וָוארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט, עֶר אִיז עֶס וָואס וֶועט מִיט דִיר גֵיין, עֶר וֶועט דִיךְ נִיט שְׁלַאף מַאכֶען אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען:

7 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערוּפֶען צוּ יְהוֹשֻׁעַ אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, זֵייא שְׁטַארְק אוּנְד פֶעסְט, וָוארִין דוּא וֶועסְט דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם לַאנְד וָואס גָאט הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ זֵיירֶע עֶלְטֶערְן עֶס צוּ זֵייא צוּ גֶעבֶּען, אוּנְד דוּא וֶועסְט מַאכֶען אַז זֵייא זָאלֶען עֶס עֶרְבֶּען:

8 אוּנְד גָאט אִיז עֶר וָואס גֵייט פַאר דִיר, עֶר וֶועט מִיט דִיר זַיין, עֶר וֶועט דִיךְ נִיט שְׁלַאף מַאכֶען אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען, פָארְכְט דִיךְ נִיט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט עֶנְגְסְטֶען:

9 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען דִיא דָאזִיגֶע תּוֹרָה, אוּנְד עֶר הָאט זֵיא גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא כֹּהֲנִים, דִיא קִינְדֶער פוּן לֵוִי, וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם בְּרִית פוּן גָאט, אוּנְד צוּ אַלֶע עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל:

10 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט זֵייא גֶעבָּאטֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַם עֶנְד פוּן זִיבֶּען יָאהְר, אִין דֶער צֵייט פוּן דֶעם יָאהְר פוּן שְׁמִטָּה, אִין דֶעם פֵייעֶרְטָאג פוּן סוּכּוֹת:

11 וֶוען גַאנְץ יִשְׂרָאֵל קוּמְט גֶעזֶעהֶען צוּ וֶוערֶען פַאר דֶעם פָּנִים פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אִין דֶעם אָרְט וָואס עֶר וֶועט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא לֵיינֶען דִיא דָאזִיגֶע תּוֹרָה קֶעגֶען גַאנְץ יִשְׂרָאֵל אִין זֵיירֶע אוֹירֶען:

12 דוא זאָלְסְט פֶערְזַאמֶעלְן דָאס
פָאלְק, מֶענֶער, וַוייבֶּער אוּנְד דִיא
יוּנְגֶע קִינְדֶער, אוּנְד דֵיין גֵר וָואס אִיז
אִין דֵיינֶע טוֹיעֶרְן, אַז זַייא זָאלֶען
הֶערֶען, אוּנְד אַז זַייא זָאלֶען לֶערְנֶען,
אוּנְד אַז זַייא זָאלֶען פָארְכְטֶען דֶעם
הַאר אֵייעֶר גָאט, אוּנְד זַייא זָאלֶען
הִיטֶען צוּ טְהוּן אַלֶע וֶוערְטֶער פוּן דֶער
דָאזִיגֶער תּוֹרָה:
13 אוּנְד זֵייעֶרֶע קִינְדֶער וָואס וֵוייסֶען
נִיט זָאלֶען (אוֹיךְ) הֶערֶען אוּנְד לֶערְנֶען
צוּ פָארְכְטֶען דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט,
אַלֶע טֶעג וָואס אִיהְר וֶועט לֶעבֶען
אוֹיף דֶעם לַאנְד, וָואס אִיהְר גֵייט
דָארְטֶען אַרִיבֶּער אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן
עֶס צוּ יַרְשְׁנְ'ן:
14 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
זֶעה, דֵיינֶע טֶעג גֶענֶעהֶנֶען אַז דוּא
זָאלְסְט שְׁטַארְבֶּען, רוּף דֶען יְהוֹשֻׁעַ,
אוּנְד שְׁטֶעלְט אֵייךְ בֵּייא דֶעם אֹהֶל
מוֹעֵד, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם גֶעבִּיטֶען,
אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען
אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט
בֵּייא דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד:
15 אוּנְד גָאט הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען אִין
דֶעם גֶעצֶעלְט אִין אַ וָואלְקֶען-זֵייל
(בְּעַמּוּד עָנָן), אוּנְד דֶער עַמּוּד עָנָן
הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט בֵּייא דֶער טְהִיר
פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט:
16 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
זֶעה, דוּא וֶועסְט לִיגֶען מִיט דֵיינֶע
עֶלְטֶערְן, אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק
וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין, אוּנְד וֶועט נָאכְהוּרֶען
נָאךְ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער פוּן דֶעם לַאנְד
אַוואוּ זַייא וֶועלֶען דָארְט צְווִישֶׁען זַייא
קוּמֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען מִיךְ פֶערְ-
לָאזֶען, אוּנְד וֶועלֶען פֶערְשְׁטֶערֶען מֵיין
בְּרִית וָואס אִיךְ הָאבּ מִיט אִיהְם כּוֹרֵת
בְּרִית גֶעוֶועזֶען:
17 אוּנְד מֵיין צָארְן וֶועט קֶעגֶען אִיהְם
עֶרְגְרִימֶען אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, אוּנְד
אִיךְ וֶועל זַייא פֶערְלָאזֶען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל פֶערְבָּארְגֶען מֵיין פָּנִים פוּן זַייא,
אוּנְד זַייא וֶועלֶען זַיין צוּ אַ פֶערְצֶעהְרוּנְג,
אוּנְד וֶועלֶען גֶעפִינֶען פִיל שְׁלֶעכְטֶעס
אוּנְד צָרוֹת, אוּנְד עֶר וֶועט אִין דֶעמְ-
זֶעלְבִּיגֶען טָאג זָאגֶען, אִיז עֶס נִיט
וֶועגֶען דֶעם וַוייל מֵיין גָאט אִיז נִיט
צְווִישֶׁען מִיר, הָאט מִיךְ דָאס דָאזִיגֶע
שְׁלֶעכְטֶעס אָנְגֶעטְרָאפֶען?
18 אָבֶּער אִיךְ וֶועל גֶעווִיס מֵיין פָּנִים
פֶערְבָּארְגֶען אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג,
וֶועגֶען דֶעם גַאנְצֶען שְׁלֶעכְטֶען וָואס
עֶר הָאט גֶעטְהוּן, וַוייל עֶר הָאט זִיךְ
גֶעקֶעהְרְט צוּ אַנְדֶערֶע גֶעטֶער:
19 אוּנְד אַצוּנְד שְׁרֵייבְּט אֵייךְ דֶעם
דָאזִיגֶען גֶעזַאנְג, אוּנְד לֶערְנְט עֶס דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אַז זַייא זָאלֶען עֶס אִין
זֵייעֶר מוֹיל טְהוּן, כְּדֵי דֶער דָאזִיגֶער
גֶעזַאנְג זָאל זַיין צוּ מִיר אַלְס אֵיין עֵדוּת
קֶעגֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:
20 וָוארִין אִיךְ וֶועל אִיהְם אַרֵיינְ-
בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעשְׁוָוארֶען צוּ זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, וָואס
פְלִיסְט מִיט מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג, אוּנְד
עֶר וֶועט עֶסֶען אוּנְד זַאט וֶוערֶען, אוּנְד
וֶועט פֶעט וֶוערֶען, אוּנְד וֶועט זִיךְ
קֶעהְרֶען צוּ אַנְדֶערֶע גֶעטֶער אוּנְד
וֶועט זַייא דִינֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען
מִיךְ דֶערְצָארְנֶען, אוּנְד עֶר וֶועט פֶערְ-
שְׁטֶערֶען מֵיין בּוּנְד:
21 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז וֶוען עֶס
וֶועט אִיהְם גֶעפִינֶען פִילֶע אוּנְד שְׁלֶעכְטֶע
צָרוֹת, אַזוֹי זָאל דֶער דָאזִיגֶער גֶעזַאנְג

קֶענֶען אִיהְם אַלְס עֵדוּת עֶנְטפֶערְן,
וָוארִין עֶס וֶועט נִיט פֶערְגֶעסֶען וֶוערֶען
אוֹיס דֶעם מוֹיל פוּן זֵיין זָאמֶען, וָוארִין
אִיךְ וֵויס זֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען וָואס עֶר
טְהוּט הַיינְט אֵיידֶער אִיךְ בְּרֶענְג אִיהְם
צוּ דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶע־
שְׁוָוארֶען ׃
22 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען דֶעם
דָאזִיגֶען גֶעזַאנְג אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג,
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעלֶערְנְט דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל ׃
23 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבָּאטֶען דֶען
יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
זַייא שְׁטַארְק אוּנְד פֶעסְט, וָוארִין דוּא
וֶועסְט אַרֵיינבְּרֶענְגֶען דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל צוּ דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ
צוּ זֵייא גֶעשְׁוָוארֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
מִיט דִיר זֵיין ׃
24 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען מֹשֶׁה
הָאט פֶערְלֶענְט צוּ שְׁרֵייבֶּען דִיא
וֶוערְטֶער פוּן דֶער דָאזִיגֶער תּוֹרָה, אִין
אַ בּוּךְ בִּיז צוּם עֶנְד ׃
25 אַזוֹי הָאט מֹשֶׁה גֶעבָּאטֶען דִיא
לְוִיִּם וָואס טְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן בְּרִית
יְהוָֹה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען ׃
26 נֶעמְט דָאס דָאזִיגֶע סֵפֶר תּוֹרָה,
אוּנְד טְהוּט (לֵייגְט) עֶס אַרֵיין אַן דֶער
זֵייט פוּן דֶעם אָרוֹן בְּרִית פוּן דֶעם
הַאר אֵייעֶר גָאט, אוּנְד עֶס זָאל דָארְטֶען
זֵיין קֶעגֶען דִיר אַלְס אֵיין עֵדוּת ׃
27 וָוארִין אִיךְ וֵויס דֵיינֶע וִוידֶער־
שְׁפֶּענִיגְקֵייט, אוּנְד דֵיינֶען הַארְטֶען
נַאקֶען, זֶעה, וַויל אִיךְ לֶעבּ נָאךְ מִיט
אֵייךְ הַיינְט זֶענְט אִיהְר גֶעוֶועזֶען
וִוידֶערשְׁפֶּענִיג קֶעגֶען גָאט, אָבֶּער וִויא
פִיל מֶעהְר נָאךְ מֵיין טוֹיט ׃
28 פֶערְזַאמֶעלְט צוּ מִיר אַלֶע עֶלְצְטֶע
פוּן אֵייעֶרֶע שְׁבָטִים אוּנְד אֵייעֶרֶע אַמְטְס־
לֵייטֶע, אוּנְד אִיךְ וֶועל רֶעדֶען אִין
זֵייעֶרֶע אוֹירֶען דִיא דָאזִיגֶע רֵייד, אוּנְד
אִיךְ וֶועל קֶעגֶען זֵייא נֶעמֶען אַלְס
עֵדוּת הִימֶעל אוּנְד עֶרְד ׃
29 וָוארִין אִיךְ וֵויס אַז נָאךְ מֵיין טוֹיט
וֶועט אִיהְר אֵייךְ גֶעוִויס פֶערְדַארְבֶּען,
אוּנְד אִיהְר וֶועט אָפְּקֶעהְרֶען פוּן דֶעם
וֶועג וָואס אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעבָּאטֶען,
אוּנְד דָאס שְׁלֶעכְטֶע וֶועט אֵייךְ בֶּע־
גֶעגְנֶען אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג, וֶוען
אִיהְר וֶועט טְהוּן דָאס שְׁלֶעכְטֶע אִין
דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט, אִיהְם צוּ דֶערְ־
צָארְנֶען מִיט דִיא וֶוערְק פוּן אֵייעֶרֶע
הֶענְד ׃
30 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערֶעט אִין דִיא
אוֹירֶען פוּן דֶעם גַאנְצֶען קְהַל יִשְׂרָאֵל
דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גֶעזַאנְג
בִּיז צוּם עֶנְד ׃

קאפיטעל לב האזינו

1 פֶערְנֶעמְט אִיהְר הִימֶעל! אוּנְד אִיךְ
וִויל רֶעדֶען; אוּנְד דִיא עֶרְד זָאל הֶערֶען
דִיא רֶעדֶע פוּן מֵיין מוֹיל ׃
2 מֵיינֶע לֶעהְרֶע זָאל טְרִיפֶען וִויא
רֶעגֶען, עֶס זָאל רִינֶען וִויא טְהוֹי מֵיינֶע
רֶעדֶע; אַזוֹי וִויא דֶער דִינֶער רֶעגֶען
אוֹיף דֶעם גְרָאז, אוּנְד אַזוֹי וִויא טְרָאפֶּען
אוֹיף דֶעם קְרוֹיט ׃
3 וָוארִין אִיךְ וֶועל אָנְרוּפֶען דֶעם
נָאמֶען פוּן יְהוָֹה, גֶעט גְרוֹיסְקֵייט צוּ
אוּנְזֶער גָאט ׃
4 דֶער פֶעלְזֶען אִיז גַאנְץ (רֶעכְט־
פַארְטִיג), וָוארִין זֵיין גַאנְצֶער וֶועג אִיז
רֶעכְטפַארְטִיג; עֶר אִיז אַ גֶעטְרֵייעֶר
גָאט, אוּנְד אִין אִיהְם אִיז קֵיין אוּנְרֶעכְט,
עֶר אִיז גֶערֶעכְט אוּנְד גְרָאד ׃
5 זֵייא הָאבֶּען זִיךְ זֶעלְבֶּער פֶערְדָארְבֶּען,

זייא וועגען ניט זיינע קינדער, דאס
איז זייער מום, עס איז א פערקרימטער
דור, אונד א פערדרייטער :

6 טהוט איהר דען דאס צו גאט
פערגעלטען ? עס איז א נארישעס
פאלק אונד ניט א קלוגעס ; איז ער
ניט דיין פאטער וואס ער האט דיך
געקויפט ? ער האט דיך געמאכט
אונד האט דיך בעשטעטיגט :

7 געדענק אן דיא אלטע צייט פער־
שטייא דיא יאהרען פון דור צו דור ;
פרעג דיין פאטער אונד ער וועט דיר
דערצייהלען, דיינע עלצטע, אונד זייא
וועלען עס דיר זאגען :

8 ווען דער איבערשטער האט גע־
מאכט ערבען דיא גוים, ווען ער האט
אפגעשייט דיא קינדער פון אדם, אזוי
האט ער געשטעלט דיא גרענעצען פון
דיא פעלקער נאך דער צאל פון דיא
קינדער ישראל :

9 וואריין דאס חלק פון גאט איז זיין
פאלק, יעקב איז דיא שנור פון זיין
ערבטייל :

10 ער האט איהם געפינען אין דעם
לאנד פון דער מדבר, אין א וויסט
אונד קלאגענדע וויסטעניא ; ער האט
איהם ארומגערינגעלט, אונד ער האט
איהם געמאכט פערשטיין, ער האט
איהם געהיט וויא זיין אויגאפעל :

11 אזוי וויא אן אדלער דערוועקט
זיין געסט, שוועבט איבער זיינע יונגען,
שפרייט אויס זיינע פליגעל, נעמט זייא
אויף, טראגט זייא אויף זיינע פליגעל :

12 אזוי האט זייא גאט אליין געפיהרט,
אונד עס איז ניט געוועזען מיט איהם
א פרעמדער גאט :

13 ער האט איהם געמאכט רייטען
אויף דיא הויכע ערטער פון דער ערד,
אונד ער האט געגעסען פון דער
פרוכט פון דעם לאנד, אונד ער האט
געזויגען האניג פון דעם פעלז, אונד
אייל פון א שטארקען פעלז :

14 פוטער פון רינדער, אונד מילך
פון שאף, מיט דיא פעטיגקייט פון
לעמער אונד ווידער פון בשן, אונד
בעק, מיט דיא נירען פעט פון ווייץ ;
אונד (רויטע) וויינטרויבען וויא בלוט
האסט דוא געטרינקען וויין :

15 אבער ישרון איז פעט געוואָרען,
אונד ער האט געטרעטען ; דוא ביזט
פעט געוואָרען אונד בעדעקט (מיט
פעטיגקייט), אונד ער האט פערלאָזען
דעם גאט וואס האט איהם בעשאפען,
אונד ער האט געשענדעט דעם פעלז
פון זיינע הילפע :

16 זייא האבען איהם געמאכט אייפער־
זיכטיג מיט דיא פרעמדע (אפגעטער) ;
מיט דיא אומווירדיגקייט האבען זייא
איהם דערצארנט :

17 זייא האבען מקריב געוועזען צו
דיא שדים, אונד ניט צו גאט ; אזאלכע
געטער וואס זייא קענען זייא ניט,
נייע וואס זענען געקומען פון נאהענט,
אזאלכע וואס אייערע עלטערן האבען
זייא ניט געפארכטען :

18 דעם פעלזען וואס האט דיך
בעשאפען האסט דוא פערלאזען, אונד
דוא האסט פערגעסען דעם גאט וואס
האט דיך געבוירען :

19 אונד גאט האט עס געזעהען אונד
ער האט זייא פערוואָרפען וועגען דעם
צארן פון זיינע זיהן אונד טעכטער :

20 אונד ער האט געזאגט, איך וועל
מיין פנים פון זייא בעהאלטען, איך



וועל

וָועל זֶעהֶען וָואס זַייעֶר סוֹף וֶועט זַיין, וָוארִין זַייא זֶענֶען אַ פֶּערְקֶעהְרְטֶעס דוֹר, קִינְדֶער אִין וֶועלְכֶע עֶס אִיז קֵיין גְלוֹיבֶּען :

21 זַייא הָאבֶּען מִיךְ אֵייפֶערְזִיכְטִיג גֶעמַאכְט דוּרְךְ דֶעם וָואס אִיז נִיט קֵיין גָאט, זַייא הָאבֶּען מִיךְ דֶערְצָארְנְט דוּרְךְ זַיירֶע נַארִישְׁקֵייטֶען : אַזוֹי וֶועל אִיךְ זַייא אֵייפֶּערְזִיכְטִיג מַאכֶען דוּרְךְ אַזָאלְכֶע וָואס זֶענֶען נִיט אַ פָאלְק ; דוּרְךְ אַ נַארִישֶׁעס פָאלְק וֶועל אִיךְ זַייא דֶערְצָארְנֶען :

22 וָוארִין אַ פֵייעֶר אִיז אָנְגֶעצִינְדֶען גֶעוָוארֶען אִין מֵיין צָארְן, אוּנְד עֶס וֶועט בְּרֶענֶען בִּיז צוּ דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען שְׁאוֹל ; אוּנְד עֶס וֶועט פֶערְצֶעהְרֶען דָאס לַאנְד מִיט אִיהְרֶע פְּרוּכְט, אוּנְד עֶס וֶועט אָנְצִינְדֶען דִיא גְרוּנְד פֶעסְטֶען פוּן דֶער עֶרְד :

23 אִיךְ וֶועל אוֹיף זַייא פֶערְמֶעהְרֶען שְׁלֶעכְטֶעס ; מֵיינֶע פֵיילֶען וֶועל אִיךְ אִין זַייא פֶערְלֶענְדֶען (שִׁיסֶען) :

24 זַייא וֶועלֶען גֶעשְׁוָואלֶען וֶוערֶען פַאר הוּנְגֶער, אוּנְד פֶערְצֶעהְרְט מִיט אַ בְּרֶענֶענְדֶע הִיץ, אוּנְד מִיט בִּיטֶערֶע (גִיפְטִיגֶע) פֶּעסְטִילֶענְץ, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוּנְטֶער זַייא שִׁיקֶען דֶעם צָאהְן פוּן (ווִילְדֶע) בְּהֵמוֹת, מִיט דֶעם גִיפְט פוּן שְׁלַאנְגֶען וָואס קְרִיכֶען אִין דֶעם שְׁטוֹיבּ :

25 פוּן אוֹיסֶעוֵוייניג וֶועט זִיא דָאס שְׁוֶוערְט בֶּערוֹיבֶּען אוּנְד אִין זַיירֶע חֲדָרִים (דוּרְךְ) אַ שְׁרֶעק ; אוֹיךְ דֶעם בָּחוּר אַזוֹי וִויא אַ בְּתוּלָה, דָאס זֵייגֶענְ־דִיגֶע קִינְד מִיט אַ גְרֵייז גְרָעֶען מַאן :

26 אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט אִיךְ וֶועל זַייא אַוֶועקְוַוארְפֶען אִין עֶקֶען, אִיךְ וֶועל לָאזֶען אוֹיפְהֶערֶען זַייעֶר גֶעדֶעכְטֶענִיס פוּן מֶענְשֶׁען :

27 וֶוען אִיךְ הֶעט נִיט גֶעפָארְכְטֶען דֶען כַּעַס פוּן דֶעם פֵיינְד, טָאמֶער וֶועלֶען עֶס זַיינֶע פֵיינְד דֶערְקֶענֶען, טָאמֶער וֶועלֶען זַייא זָאגֶען אוּנְזֶערֶע הַאנְד אִיז דֶערְהוֹיבֶּען, אוּנְד גָאט הָאט נִיט דָאס אַלֶעס גֶעטְהוּן :

28 וָוארִין עֶס אִיז אַ פָאלְק וָואס הָאט פֶערְלוֹירֶען דִיא עֵצוֹת, אוּנְד עֶס אִיז צְוִוישֶׁען זַייא קֵיין פֶערשְׁטַאנְד :

29 הַלְוַואי וָואלְטֶען זַייא קְלוּג גֶעוֶועזֶען אַז זַייא וָואלְטֶען דָאס פֶערשְׁטַאנֶען, אַזוֹי הֶעטֶען זַייא (אוֹיךְ) פֶערשְׁטַאנֶען זַייעֶר סוֹף :

30 וִויא אַזוֹי הֶעט אֵיינֶער גֶעקֶענְט נָאכְיָאגֶען אַ טוֹיזֶענְד, אוּנְד פַאר צְוֵוייא הֶעטֶען צֶעהְן טוֹיזֶענְד אֶנְטְלָאפֶען, וֶוען זַייעֶר פֶעלְז הֶעט זַייא נִיט פֶערְ־קוֹיפְט, אוּנְד גָאט הֶעט זַייא צוּ אוּנְס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען :

31 וָוארִין אוּנְזֶער פֶעלְז אִיז נִיט וִויא זַייעֶר פֶעלְז, זָאגַאר אוּנְזֶערֶע פֵיינְדֶע זֶענֶען (דַאפוּן) רִיכְטֶער :

32 וָוארִין פוּן דֶעם וַויינְשְׁטָאק פוּן סְדוֹם אִיז זַייעֶר וַויינְשְׁטָאק, אוּנְד פוּן דִיא פֶעלְדֶער פוּן עֲמוֹרָה, זַיירֶע וַויינְ־טְרוֹיבֶּען זֶענֶען וַויינְטְרוֹיבֶּען פוּן גַאל, זַיירֶע הֶענְגֶעל זֶענֶען בִּיטֶער צוּ זַייא :

33 זַייעֶר וַויין אִיז אַזוֹי וִויא דֶער גִיפְט פוּן שְׁלַאנְגֶען, אוּנְד אַזוֹי וִויא דֶער גִיפְט פוּן אַ פְרֶעמְדֶען (אוּמְגֶעעֶרְ־בַּארְמִדִיגֶען) אָטֶער :

34 אִיז נִיט אַזָאלְכֶעס בֵּייא מִיר פֶערְבָּארְגֶען ? זֶענֶען זַייא נִיט וִויא פֶערְחַתְמֶת אִין מֵיינֶע אוֹצְרוֹת ?

35 צוּ מִיר גֶעהֶערְט דִיא נְקָמָה, אוּנְד דִיא בֶּעצָאלוּנְג, צוּ דֶער צֵייט וֶוען

זײַנֶע פִיס װעלֶען אױסגֶעגלִיטשְׁט װעֶרען, װאָרִין דֶער טָאג פוּן זײַעֶר אוּמגְלִיק אִיז נָאהֶענְט, אוּנְד װָאס אִיז פַאר זײא אָנְגֶעגְרֵייט װעט בַּאלְד קוּמֶען:

36 װאָרִין גָאט װעט רִיכְטֶען זײַן פָאלְק, אוּנְד אִיבֶּער זײַנֶע קְנֶעכְט װעט עֶר זִיךְ בֶּעדֶענְקֶען, װען עֶר װעט זֶעהֶען אַז זײַעֶרע מַאכְט אִיז פֶערְגַאנְגֶען, אוּנְד עֶס אִיז נָאר אױפְגֶעהַאלְטֶען אוּנְד פֶערְלָאזֶען:

37 אוּנְד עֶר װעט זָאגֶען, אַװאוּ אִיז זײַעֶר גָאט, דֶער פֶעלְז אױף װעמֶען זײא הָאבֶּען פֶערטְרױעֶט?

38 װָאס הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען פוּן דֶעם פֶעט פוּן זײַעֶרע קָרְבָּנוֹת, אוּנְד הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען פוּן זײַעֶר װײַן נְסָכִים לָאזֶען זײא דָאךְ אױפְשְׁטֵיין אוּנְד אֵייךְ הֶעלְפֶען, לָאזֶען זײא צוּ אֵייךְ זײַן אַ בֶּעהַאלְטוּנְג:

39 זֶעהְט אַצוּנְד, אַז אִיךְ, יָא אִיךְ בִּין דֶער, אוּנְד נֶעבֶּען מִיר אִיז נִיט פֶערְהַאנְדֶען אַ גָאט, אִיךְ טְהוּא טֵייטֶען, אוּנְד מַאךְ לֶעבֶּעדִיג, אִיךְ טְהוּא װוּנְדֶען אוּנְד אִיךְ טְהוּא הֵיילֶען, אוּנְד אוֹיס מֵיינֶער הַאנְד קֶען קֵיינֶער נִיט מַצִיל זײַן:

40 װאָרִין אִיךְ װעל אױפְהֵייבֶּען מֵיינֶע הַאנְד צוּם הִימֶעל, אוּנְד אִיךְ װעל זָאגֶען, אִיךְ לֶעבּ אױף אֵייבִּיג:

41 װען אִיךְ װעל שַׁארְפֶען דִיא קְלִינְג פוּן מֵיין שְׁװערְט, אוּנְד מֵיינֶע הַאנְד װעט אָנְגְרֵייפֶען דָאס מִשְׁפָּט אַזױ װעל אִיךְ װידֶערְקֶעהְרֶען אַ נְקָמָה צוּ מֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד װעל בֶּעצָאהְלֶען צוּ מֵיינֶע שֹׂנְאִים:

42 אִיךְ װעל מַאכֶען מֵיינֶע פֵיילֶען אָנְטְרִינְקֶען מִיט בְּלוּט, אוּנְד מֵיין שְׁװערְט װעט פֶערְצֶעהְרֶען פְלֵיישׁ, מִיט דֶעם בְּלוּט פוּן דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע אוּנְד גֶעפַאנְגֶענֶע, פוּן דֶעם אָנְהֵייבּ פוּן דֶעם בְּרָאךְ פוּן דֶעם פֵיינְד:

43 זִינְגְט אִיהְר פֶעלְקֶער מִיט זײַן פָאלְק, װָארִין עֶר װעט זִיךְ נוֹקֵם זײַן װעגֶען דֶעם בְּלוּט פוּן זײַנֶע קְנֶעכְט, אוּנְד עֶר װעט צוּרִיקְקֶעהְרֶען אַ נְקָמָה צוּ זײַנֶע פֵיינְד, אוּנְד עֶר װעט מְכַפֵּר זײַן זײַן לַאנְד אוּנְד זײַן פָאלְק:

44 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶערֶעט אַלֶע װערְטֶער פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גֶעזַאנְג אִין דִיא אױרֶען פוּן דֶעם פָאלְק, עֶר אוּנְד הוֹשֵׁעַ בִּן נוּן:

45 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט פַארְלֶענְט צוּ רֶעדֶען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶען װערְטֶער צוּ גַאנְץ יִשְׂרָאֵל:

46 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זײא גֶעזָאגְט, טְהוּט אֵייעֶר הַארְץ צוּ אַלֶע װערְטֶער װָאס אִיךְ בֶּעצֵייג אָן אֵייךְ הַיינְט, אַז אִיהְר זָאלְט זײא גֶעבִּיטֶען צוּ אֵיירֶע קִינְדֶער, צוּ הִיטֶען אוּנְד צוּ טְהוּן אַלֶע װערְטֶער פוּן דֶער דָאזִיגֶער תּוֹרָה:

47 װָארִין עֶס אִיז נִיט קֵיינֶע לֶערֶע זַאךְ פַאר אֵייךְ, נֵייעֶרְט עֶס אִיז אֵייעֶר לֶעבֶּען, אוּנְד דוּרְךְ דֶעם דָאזִיגֶען װָארְט װעט אִיהְר פֶערְלֶענְגֶערְן אֵיירֶע טֶעג אױף דֶעם לַאנְד װָאס אִיהְר גֵייט דָארְט אַרִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן עֶס צוּ יַרְשֶׁנְ'ן:

48 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, אַזױ צוּ זָאגֶען:

49 גֵייא אַרוֹיף צוּ דֶעם דָאזִיגֶען בַּארְג עֲבָרִים, דֶעם בַּארְג נְבוֹ, װָאס אִיז אִין דֶעם לַאנְד מוֹאָב, װָאס אִיז פַאר יְרֵחוֹ, אוּנְד זֶעה דִיר אָן דָאס לַאנְד כְּנַעַן װָאס אִיךְ װעל גֶעבֶּען צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַלְס אַן עֶרְבְּטֵייל:

50 אוּנְד שְׁטַארְבּ אױף דֶעם בַּארְג

אויף

אויף וועלכען דוא דארט ארויפגייסט, אונד דוא וועסט אייגגעזאמעלט ווערען צו דיין פאלק, אזוי וויא אהרן דיין ברודער איז געשטארבען אויף דעם בארג הור, אונד ער איז איינגעזאמעלט געווארען צו זיין פאלק:
51 ווייל איהר האט קעגען מיר געזינדיגט צווישען דיא קינדער ישראל בייא דעם וואסער פון קריג, (במי־מריבה), אין קדש, דיא מדבר צן; ווייל איהר האט מיך ניט געהייליגט צווישען דיא קינדער ישראל:
52 נייערניז פון קעגענאיבער זאלסט דוא זעהען דאס לאנד, אבער דוא זאלסט ניט דארטען אריינקומען צו דעם לאנד וואס איך געב צו דיא קינדער ישראל:

קאפיטעל לג וזאת הברכה

1 אונד דאס איז דיא ברכה מיט וואס משה, דער מאן פון גאט האט גע־בענשט דיא קינדער ישראל פאר זיין טויט:
2 אונד ער האט געזאגט, גאט איז געקומען פון סיני, אונד ער האט צו זייא געשיינט פון שעיר, ער האט געלייכטעט פון דעם בארג פארן, אונד ער איז געקומען מיט צעהן טויזענדע הייליגע, פון זיינע רעכטע האנד איז צו זייא געוועזען א פייריגעס געזעץ:
3 יוא, ער האט געליבט פעלקער, אלע זיינע הייליגע זענען אין דיינע האנד, אונד זייא האבען זיך צו דיינע פיס אנידערגעלייגט, זייא האבען אויפגענומען פון דיינע רייד:
4 משה האט אונס געבאטען דיא תורה, דיא ירושה פון דער פערזאמלונג פון יעקב:
5 אונד ער איז געוועזען מלך אין ישורון, ווען עס האבען זיך פערזאמעלט דיא אויבערשטע פון דעם פאלק צו־זאמען מיט דיא שבטים פון ישראל:
6 לאז דאך ראובן לעבען, אונד ניט שטארבען, אבער לאזען זיינע לייטע זיין אין דער צאהל:
7 אונד דאס דאזיגע פאר יהודה, אונד ער האט געזאגט, א גאט, הער דאס קול פון יהודה, אונד דוא זאלסט איהם ברענגען צו זיין פאלק, לאזען זיינע הענד פאר איהם גענוג זיין, אונד דוא זאלסט זיין א הילף פאר איהם קעגען זיינע פיינד:
8 אונד צו לוי האט ער געזאגט, דיינע תומים אונד דיינע אורים גע־הערען צו דיינעם הייליגען מאן, וואס דוא האסט איהם געפרופט אין מסה, אונד מיט וועמען דוא האסט געקריגט בייא דעם מי־מריבה:
9 וואס האט געזאגט צו זיין פאטער אונד צו זיינע מוטער, איך האב איהם ניט געזעהען, אונד ער האט אויך ניט דערקאנט זיינע ברידער, אונד ער האט אויך ניט געקענט זיינע אייגענע קינדער, ווארין זייא האבען געהיט דיינע ווערטער, אונד זייא האבען געהאלטען דיין בונד:
10 זייא זאלען לעהרען דיינע משפטים צו יעקב, אונד דיינע תורה צו ישראל, זייא זאלען אריינלייגען קטורת פאר דיר, אונד גאנצע קרבנות אויף דיין מזבח:
11 גאט זאל בעשיצען זיין פערמעגען, אונד לאז דאס ווערק פון זיינע הענד דיר וואוילגעפאלען, צערשלאג דיא

לֶענְדֶען פוּן דִיא וָואס שְׁטֵייעֶן קֶעגֶען
אִיהְם אוֹיף, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען
זַיינֶע שׂוֹנְאִים זָאלֶען נִיט אוֹיפְשְׁטֵיין:
12 צוּ בִּנְיָמִן הָאט עֶר גֶעזָאגְט, דֶער
גֶעלִיבְּטֶער פוּן גָאט זָאל בֵּייא אִיהְם
וְואוֹינֶען אִין זִיכֶערְהַייט, עֶר (גָאט)
בֶּעדֶעקְט אִיהְם דֶען גַאנְצֶען טָאג,
אוּנְד עֶר זָאל וְואוֹינֶען צְוִוישֶׁען זַיינֶע
שׁוּלְטֶערְן:
13 אוּנְד צוּ יוֹסֵף הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
זַיין לַאנְד אִיז גֶעבֶּענְשְׁט פוּן גָאט, פוּן
דִיא זִיסִיגְקֵייט פוּן הִימֶעל, דֶעם טַל,
אוּנְד פוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד וָואס פוּן
אוּנְטֶען רוּהְט:
14 אוּנְד פוּן דֶער זִיסִיגְקֵייט פוּן דֶער
תְּבוּאָה דוּרְךְ דִיא זוּן, אוּנְד פוּן דֶער
זִיסִיגְקֵייט וָואס וֶוערְט גֶעטְרִיבֶּען דוּרְךְ
דִיא לְבָנָה:
15 אוּנְד פוּן דֶער שְׁפִּיץ דֶער פָארִיגֶען
בֶּערְג אוּנְד פוּן דִיא זִיסִיגְקֵייט פוּן דִיא
אֵייבִּיגֶע הִיגֶעלְן:
16 אוּנְד פוּן דִיא זִיסִיגְקֵייט פוּן דֶער
עֶרְד אוּנְד אִיהְרֶע פָאלְהַייט, אוּנְד דוּרְךְ
דֶעם וְואוֹילְגֶעפָאלֶען פוּן דֶעם וָואס
וְואוֹינְט אִים דָארְן־בּוּשׁ, עֶס זָאל קוּמֶען
אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן יוֹסֵף, אוּנְד צוּ
דֶעם קָאפּ (שֵׁייטֶעל) פוּן דֶעם וָואס
אִיז גֶעוֶועזֶען אָפְּגֶעשֵׁייט פוּן זַיינֶע
בְּרִידֶער:
17 זַיינֶע שֵׁיינְהַייט אִיז וִויא דֶער
עֶרְשְׁטְגֶעבּוֹירֶענֶער פוּן זַיין אָקְס, אוּנְד
אַזוֹי וִויא דִיא הֶערְנֶער פוּן אַן אֵיינְהָארְן
(רְאֵם) זֶענֶען זַיינֶע הֶערְנֶער; מִיט זַייא
וֶועט עֶר צוּזַאמֶען שְׁטוֹיסֶען דִיא פֶעלְקֶער
בִּיז צוּם עֶק פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד זַייא
זֶענֶען דִיא צֶעהְנְטוֹיזֶענְד פוּן אֶפְרַיִם,
אוּנְד זַייא זֶענֶען דִיא טוֹיזֶענְד פוּן
מְנַשֶּׁה:
18 אוּנְד צוּ זְבוּלוּן הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
פְרֵייא דִיךְ זְבוּלוּן אִין דֵיין אַרוֹיסְגֵיין,
אוּנְד יִשָּׂשכָר אִין דֵיין גֶעצֶעלְט:
19 זַייא וֶועלֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג פֶעלְ־
קֶער (צוּזַאמֶען) רוּפֶען, דָארְטֶען וֶועלֶען
זַייא מַקְרִיב זַיין גֶערֶעכְטֶע קָרְבָּנוֹת,
וָוארִין זַייא וֶועלֶען זַייגֶען דִיא שֶׁפַע פוּן
יַמִים, אוּנְד צוּגֶעדֶעקְטֶע זַאכֶען וָואס
זֶענֶען בֶּעהַאלְטֶען אִין זַאמְד:
20 אוּנְד צוּ גָד הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער וָואס דֶערְבְּרֵייטֶערְט
גָד, עֶר וֶועט רוּהֶען אַזוֹי וִויא אַ
לֶעמְפֶּערְט, אוּנְד עֶר פֶערְצוּקְט דֶעם
אָרֶעם, אוֹיךְ דֶעם קָאפְּשֵׁייטֶעל:
21 אוּנְד עֶר הָאט פַאר זִיךְ גֶעזֶעהֶען
דָאס עֶרְשְׁטֶע, וָוארִין דָארְטֶען אִיז דָאס
חֵלֶק אַוְואוּ דֶער מְחוֹקֵק אִיז בֶּעדֶעקְט
(בֶּעגְרָאבֶּען), אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
מִיט דִיא הוֹיפְּטְלֵייטֶע פוּן דֶעם פָאלְק,
דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט הָאט עֶר
גֶעטְהוּן, אוּנְד זַיינֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען
מִיט יִשְׂרָאֵל:
22 אוּנְד צוּ דָן הָאט עֶר גֶעזָאגְט, דָן
אִיז (גֶעגְלִיכֶען) צוּ אַ יוּנְגֶען לֵייבּ, עֶר
שְׁפְּרִינְגְט פוּן בָּשָׁן:
23 אוּנְד צוּ נַפְתָּלִי הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
נַפְתָּלִי וֶועט זַאט וֶוערֶען מִיט בֶּעוִוילִיגוּנְג,
אוּנְד עֶר וֶועט פוּל זַיין מִיט דִיא
בֶּענְשׁוּנְג פוּן גָאט, עֶר וֶועט יַרְשֶׁנֶען דִיא
מַעֲרָב אוּנְד דָרוֹם זַייט:
24 אוּנְד צוּ אָשֵׁר הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
אָשֵׁר וֶועט גֶעבֶּענְשְׁט וֶוערֶען מִיט זִיהְן,
עֶר וֶועט בֶּעוִוילִיגְט זַיין צוּ זַיינֶע
בְּרִידֶער, אוּנְד עֶר וֶועט זַיין פוּס טוּבֶל
זַיין אִין אֵייל:
25 דֵיינֶע שׁוּךְ (אָדֶער שְׁלֶעסֶער) זֶענֶען

פון

פוּן אֵייזֶען אוּנְד קוּפֶּער, אַזוֹי וִויא
דֵיינֶע טֶעג אַזוֹי וֶועט זַיין דֵיינֶע
שְׁטַארְקהַייט :
26 עֶס אִיז נִיט פֶּערְהַאנְדֶען אַזוֹי אַ
גָאט וִויא אִין יְשֻׁרוּן, וָואס רֵייט אוֹיף
דֶען הִימֶעל (וָואלְקֶען) :
27 אַ בֶּעשִׁיצְטֶע וָואהְנוּנְג אִיז גָאט
פוּן אֵייבִּיג הֶער, אוּנְד פוּן אוּנְטֶען
זֶענֶען דִיא אֵייבִּיגֶע אָרֶעמְס, עֶר וֶועט
פַאר דִיר פֶּערְטְרֵייבֶּען דֶעם פֵיינְד,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פֶערְטִילְגט
אִיהְם :
28 אוּנְד יִשְׂרָאֵל וֶועט אִין זִיכֶערְהַייט
אַלֵיין וָואהְנֶען, דֶער קְוֶועלְבְּרוּנֶען פוּן
יַעֲקֹב, צוּ דֶעם לַאנְד פוּן קָארְן אוּנְד
וַויין, אוֹיךְ זַיינֶע הִימֶעלְן וֶועלֶען
טְרִיפֶען דֶעם טוֹיא :
29 וְואוֹיל אִיז דִיר יִשְׂרָאֵל ! וֶוער אִיז
אַזוֹי וִויא דוּא, אַ פָאלְק וָואס וֶוערְט
גֶעהָאלְפֶען דוּרְךְ גָאט ? עֶר אִיז דֶער
בֶּעשִׁיצֶער פוּן דֵיינֶע הִילְף, אוּנְד דָאס
שְׁוֶוערְט פוּן דֵיינֶער הוֹיכְקֵייט ; אוּנְד
דֵיינֶע פֵיינְד וֶועלֶען זִיךְ פֶּערְלֵייקֶענֶען
פַאר דִיר, אָבֶּער דוּא וֶועסְט טְרֶעטֶען
אוֹיף זֵייעֶרֶע הוֹיכֶע עֶרְטֶער :

קאפיטעל לד

1 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען פוּן
דֶעם פְּלוֹין מוֹאָב צוּ דֶעם בַּארְג נְבוֹ,
אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן פִּסְגָה, וָואס אִיז
פָאר יְרֵחוֹ, אוּנְד גָאט הָאט אִיהְם גֶעֶ־
וִויזֶען דָאס גַאנְצֶע לַאנְד, גִלְעָד בִּיז דָן :
2 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע לַאנְד נַפְתָּלִי,
אוּנְד דָאס לַאנְד פוּן אֶפְרַיִם אוּנְד
מְנַשֶּׁה, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע לַאנְד יְהוּדָה,
בִּיז צוּ דֶעם הִינְטֶערְשְׁטֶען יַם :
3 אוּנְד דִיא דָרוֹם זַייט, אוּנְד דֶעם
פְּלוֹין, אוּנְד דָאס טָאל פוּן יְרֵחוֹ, דִיא
שְׁטָאט אַוְואוּ דִיא טֵייטֶעלְן וַואקְסֶען,
בִּיז נָאךְ צוֹעַר :
4 אוּנְד גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דָאס דָאזִיגֶע אִיז דָאס לַאנְד וָואס אִיךְ
הָאבּ גֶעשְׁוָוארֶען צוּ אַבְרָהָם, צוּ יִצְחָק
אוּנְד צוּ יַעֲקֹב, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, צוּ
דֵיינֶע קִינְדֶער וֶועל אִיךְ עֶס גֶעבֶּען,
אִיךְ הָאבּ עֶס דִיךְ גֶעלָאזְט זֶעהֶען מִיט
דֵיינֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער דוּא וֶועסְט נִיט
דָארְטֶען אַרִיבֶּערְפָאהְרֶען :
5 אוּנְד מֹשֶׁה דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט
אִיז דָארְטֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען, אִין דֶעם
לַאנְד פוּן מוֹאָב נָאךְ דֶעם בַּאפֶעל פוּן
גָאט :
6 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען
אִין אַ טָאל, אִין דֶעם לַאנְד פוּן מוֹאָב,
קֶעגֶענְאִיבֶּער פוּן בֵּית פְּעוֹר, אוּנְד קֵיין
מֶענְשׁ הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט אַוְואוּ זַיין
קֶבֶר אִיז בִּיז צוּם הַיינְטִיגֶען טָאג :
7 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען
הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר וֶוען עֶר
אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, זַיין אוֹיג אִיז נִיט
טוּנְקֶעל גֶעוָוארֶען, אוּנְד זַיינֶע פֵיכְטִיגְ־
קֵייט אִיז נִיט פֶערְגַאנְגֶען :
8 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
מֹשֶׁה בֶּעוֵויינְט אִין דֶעם פְּלוֹין פוּן
מוֹאָב, דְרֵייסִיג טֶעג, אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען
זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזְט דִיא טֶעג פוּן דֶעם
בֶּעוֵויינֶען אוּנְד טְרוֹירִיגְקֵייט וֶועגֶען
מֹשֶׁה :
9 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ בִּין נוּן אִיז גֶעוֶועזֶען
פוּל מִיט דֶעם גַייסְט פוּן חָכְמָה, וָוארִין
מֹשֶׁה הָאט אוֹיף אִיהְם גֶעלֵייגְט זַיינֶע
הֶענְד, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
אִיהְם גֶעהָארכְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען
מֹשֶׁה :

10 אוּנְד עֶס אִיז נִיט מֶעהְר אוּיפְ־
גֶעשְׁטַאנֶען אַ נָבִיא אִין יִשְׂרָאֵל אַזוֹי
וִויא מֹשֶׁה, וָואס הָאט גֶעקֶענְט גָאט
פוּן פָּנִים צוּ פָּנִים:
11 צוּ אַלֶע צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער
וָואס גָאט הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט צוּ
טְהוּן אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, צוּ פַּרְעֹה
אוּנְד צוּ אַלֶע זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד צוּ
זַיין גַאנְצֶעם לַאנְד:
12 אוּנְד נָאךְ דֶער גַאנְצֶען שְׁטַארְקֶען
הַאנְד, אוּנְד נָאךְ דֶער גַאנְצֶען גְרוֹיסֶען
פָארכְט, וָואס מֹשֶׁה הָאט גֶעטְהוּן פַאר
דִיא אוֹיגֶען פוּן גַאנְץ יִשְׂרָאֵל:

## חזק

נשלמו חמשה חומשי תורה,
תהלה לאל גדול ונורא.

אללע פסוקים פֿון דער גאנצער תורה זענען פֿינף טויזענד אכט הונדערט אונד פֿינף אונד פֿירציג; דיא העלפֿטע פֿון דער גאנצער תורה איז ויקרא ח׳, ח; אונד אלע קאפיטעל פֿון דער תורה זענען הונדערט אונד זיבען אונד אכציג; אונד דיא גאנצע פרשיות פֿון דער תורה זענען פֿיער אונד פֿיפֿציג:

# נביאים ראשונים

| | |
|---|---|
| יהושע | שופטים |
| שמואל א | שמואל ב |
| מלכים א | מלכים ב |

# יהושע

## קאפּיטעל א

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶעם
טוֹיט פוּן משֶׁה, דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט,
אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ,
זוּהְן פוּן נוּן, דֶער בֶּעדִינֶער פוּן משֶׁה,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 משֶׁה מֵיין קְנֶעכְט אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
אוּנְד אַצוּנְד שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד גֵייא
אַרִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען יַרְדֵן, דוּא אוּנְד
דָאס דָאזִיגֶע גַאנְצֶע פָאלְק צוּ דֶעם
לַאנְד וָואס אִיךְ גִיבּ צוּ זֵייא, צוּ דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:
3 אִיטְלִיכֶען אָרְט וָואס דֶער טְרִיט
פוּן אֵיירֶע פִּיס וֶועט אִיהְם טְרֶעטֶען,
צוּ אֵייךְ הָאבּ אִיךְ עֶס גֶעגֶעבֶּען; אַזוֹי
וִויא אִיךְ הָאבּ גֶערֶעדְט צוּ משֶׁה:
4 פוּן דֶער מִדְבָּר אוּנְד דֶעם דָאזִיגֶען
לְבָנוֹן אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם גְרוֹיסֶען טֵייךְ,
דֶעם טֵייךְ פְּרָת, דָאס גַאנְצֶע לַאנְד
פוּן דִיא חִתִּים, אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם
גְרוֹיסֶען יַם, וְואוּ דִיא זוּן גֵייט אוּנְטֶער,
זָאל זֵיין אֵיירֶע גְרֶענְעץ:
5 קֵיין מַאן וֶועט נִיט קֶענֶען בֶּעשְׁטֵיין
פַאר דִיר אַלֶע טֶעג פוּן דֵיין לֶעבֶּען;
אַזוֹי וִויא אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען מִיט משֶׁה,
אַזוֹי וֶועל אִיךְ זֵיין מִיט דִיר, אִיךְ וֶועל
דִיךְ נִיט שְׁלַאף מַאכֶען אוּנְד אִיךְ וֶועל
דִיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען:
6 זֵייא שְׁטַארְק אוּנְד קְרֶעפְטִיג, דֶען
דוּא וֶועסְט מַאכֶען יַרְשֶׁנֶן דָאס דָאזִיגֶע
פָאלְק דָאס לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעשְׁוָואוֹרֶען צוּ זֵיירֶע עֶלְטֶערְן, עֶס צוּ
זֵייא צוּ גֶעבֶּען:
7 זֵייא נוּר שְׁטַארְק אוּנְד זֶעהְר
קְרֶעפְטִיג, צוּ הִיטֶען אוּנְד צוּ טְהוּן
נָאךְ דֶער גַאנְצֶען תּוֹרָה אַזוֹי וִויא משֶׁה,
מֵיין קְנֶעכְט הָאט דִיר גֶעבָּאטֶען, דוּא
זָאלְסְט נִיט דַאפוּן אָבְּקֶעהְרֶען צוּר
רֶעכְטֶען אָדֶער צוּר לִינְקֶען; כְּדֵי דוּא
זָאלְסְט בֶּעגְלִיקֶען אִיבֶּעראַל וְואוּ דוּא
אַהִינְגֵייסְט:
8 עֶס זָאל נִיט אָבְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען
דָאס דָאזִיגֶע סֵפֶר תּוֹרָה פוּן דֵיין מוֹיל,
נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט דַארִין טְרַאכְטֶען
טָאג אוּנְד נַאכְט, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט
הִיטֶען צוּ טְהוּן נָאךְ אַלֶעם וָואס שְׁטֵייט
דַארִין גֶעשְׁרִיבֶּען, וָוארִין דֶענְסְטְמָאל
וֶועסְט דוּא בֶּעגְלִיקֶען דֵיינֶע וֶועגֶען,
אוּנְד דֶענְסְטְמָאל וֶועסְט דוּא קְלוּג זֵיין:
9 הָאבּ אִיךְ דִיר נִיט גֶעבָּאטֶען זֵייא
שְׁטַארְק אוּנְד קְרֶעפְטִיג; דוּא זָאלְסְט
דִיךְ נִיכְט פָארְכְטֶען, אוּנְד זָאלְסְט נִיט
אַנְגְסְטֶען, וָוארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט
אִיז מִיט דִיר אִיבֶּעראַל וְואוּ דוּא
אַהִינְגֵייסְט:
10 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעבָּאטֶען דִיא
בֶּעאַמְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק אַזוֹי צוּ
זָאגֶען:
11 פָארְט אִיבֶּער צְוִוישֶׁען דֶער מַחֲנֶה,
אוּנְד גֶעבִּיט דֶעם פָאלְק צוּ זָאגֶען,
בְּרֵייט אֵייךְ אָן צֶעהְרוּנְג; וָוארִין נָאךְ
אִין דְרֵייא טֶעג וֶועט אִיהְר אִיבֶּערְ־
פָאהְרֶען דֶעם דָאזִיגֶען יַרְדֵן, אַרֵיינְצוּ־
קוּמֶען אוּנְד יַרְשֶׁנֶן דָאס לַאנְד וָואס
דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט, וֶועט אֵייךְ
גֶעבֶּען צוּ יַרְשֶׁנֶן:

12 אוּנְד צוּ רְאוּבֵן אוּנְד צוּ גָד אוּנְד
צוּ דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט פוּן מְנַשֶּׁה הָאט
יְהוֹשֻׁעַ גֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
13 אִיהְר זָאלְט גֶעדֶענְקֶען דִיא זַאךְ
וָואס מֹשֶׁה, דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט הָאט
אֵייךְ גֶעבָּאטֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער
הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט אֵייךְ גֶעמַאכְט
רוּהֶען, אוּנְד עֶר הָאט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען
דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד:
14 אֵייעֶרֶע וַוייבֶּער, אוּנְד אֵייעֶרֶע קְלֵיינֶע
קִינְדֶער, אוּנְד אֵייעֶר פִיךְ זָאלֶען בְּלֵייבֶּען
אִין דֶעם לַאנְד וָואס מֹשֶׁה הָאט אֵייךְ
גֶעגֶעבֶּען אוֹיף דִיזֶער זֵייט יַרְדֵּן, אָבֶּער
אִיהְר זָאלְט אִיבֶּערְפָאהְרֶען גֶעוָואפֶּענְט
פַאר אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, אַלֶע שְׁטַארְקֶע
הֶעלְדֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא הֶעלְפֶען:
15 בִּיז דֶער הַאר װֶעט אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער
רוּהֶען מַאכֶען אַזוֹי וִויא אֵייךְ, אוּנְד
זֵייא װֶעלֶען אוֹיךְ יַרְשֶׁנְן דָאס לַאנְד
וָואס דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט װֶעט צוּ
זֵייא גֶעבֶּען, דֶערְנָאךְ זָאלְט אִיהְר אוּמְ־
קֶעהְרֶען צוּ דֶעם לַאנְד פוּן אֵייעֶרֶע
יְרוּשָׁה, אוּנְד זָאלְט יַרְשֶׁנְן דָאס וָואס
מֹשֶׁה דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט הָאט אֵייךְ
גֶעגֶעבֶּען אוֹיף דִיזֶער זֵייט יַרְדֵּן, וְואוּ
דִיא זוּן גֵייט אוֹיף:
16 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען יְהוֹשֻׁעַ'ן גֶע־
עֶנְטפֶערְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַלֶעס וָואס
דוּא הָאסְט אוּנְס גֶעבָּאטֶען װֶעלֶען מִיר
טְהוּן, אוּנְד אַוְואוּ דוּא װֶעסְט אוּנְס
אַהִינְשִׁיקֶען װֶעלֶען מִיר גֵיין:
17 אַלֶעס אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען גֶע־
הָארְכְט צוּ מֹשֶׁה, אַזוֹי װֶעלֶען מִיר
גֶעהָארְכֶען צוּ דִיר; לָאז נוּר דֶער הַאר
דֵיין גָאט מִיט דִיר זֵיין אַזוֹי וִויא עֶר
אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט מֹשֶׁה:
18 אִיטְלִיכֶער מַאן וָואס װֶעט וִוידֶער־
שְׁפֶּענִיגֶען קֶעגֶען דֵיין בֶּעפֶעהְל אוּנְד
װֶעט נִיט גֶעהָארְכֶען אוֹיף דֵיין וָוארְט
צוּ אַלֶעס וָואס דוּא װֶעסְט אִיהְם גֶע־
בִּיטֶען זָאל גֶעטֵייט װֶערֶען; זֵייא נוּר
שְׁטַארְק אוּנְד קְרֶעפְטִיג:

קאפיטעל ב

1 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן פוּן נוּן הָאט
גֶעשִׁיקְט פוּן שִׁטִּים צְוֵויא מֶענֶער,
אוֹיסְזֶעהֶערְס (מְרַגְּלִים), שְׁטִילֶערְהֵייט,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֵייט אוּנְד
בֶּעזֶעהְט דָאס לַאנְד, אוּנְד יְרִיחוֹ, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֶענֶען
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן אַ
וַוייבּ, אַ הוּר, (אָדֶער שְׁפֵּייזֶערִין), אוּנְד
אִיהְר נָאמֶען אִיז גֶעוֶועזֶען רָחָב, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דָארְטֶען אַנִידֶער
גֶעלֵייגְט:
2 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען
צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן יְרִיחוֹ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
זֶעה, מֶענֶער זֶענֶען הִיעֶר דִיא נַאכְט
אָנְגֶעקוּמֶען, פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
אוּם דָאס לַאנְד אוֹיסְצוּפָארְשֶׁען:
3 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יְרִיחוֹ הָאט
גֶעשִׁיקְט צוּ רָחָב, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
בְּרֶענְג אַרוֹיס דִיא מֶענֶער וָואס זֶענֶען
צוּ דִיר אַרֵיינְגֶעקוּמֶען וָואס זֶענֶען אִין
דֵיין הוֹיז גֶעקוּמֶען, וָוארִין אוֹיסְצוּ־
פָארְשֶׁען דָאס לַאנְד זֶענֶען זֵייא גֶע־
קוּמֶען:
4 אוּנְד דָאס וַוייבּ הָאט גֶענוּמֶען דִיא
צְווייא מֶענֶער אוּנְד זִיא הָאט זֵייא בֶּע־
הַאלְטֶען; אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, יָא,
דִיא מֶענֶער זֶענֶען צוּ מִיר אַרֵיינְגֶע־
קוּמֶען, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוְואוּסְט
פוּן וַואנֶען זֵייא זֶענֶען:
5 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז מַאן זָאל
דָאס טְהָאר צוּשְׁלִיסֶען אִין דֶער

פִינְסְטֶער, אַזוֹי זֶענֶען דִיא מֶענֶער
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען; אִיךְ ווייס נִיט וְואוּ
אַהִין דִיא מֶענֶער זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען,
יָאגְט זֵייא גֶעשְׁווִינְד נָאךְ, דֶען אִיהְר
וֶועט זֵייא עֶרגְרֵייכֶען:
6 אוּנְד זִיא הָאט זֵייא אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט
אוֹיף דֶעם דַאךְ, אוּנְד זִיא הָאט זֵייא
בֶּעהַאלְטֶען אִין דִיא שְׁטֶעקְלֶעךְ פוּן
פְלַאקְס, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעבְּרֵייט
פַאר זֵייא אוֹיף דֶעם דַאךְ:
7 אוּנְד דִיא מֶענֶער הָאבֶּען זֵייא
נָאכְגֶעיָאגְט אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶעם
יַרְדֵן אוֹיף דִיא אִיבֶּערְפָאהְרְטֶען; אוּנְד
דָאס טְהאֹר הָאט מַאן הִינְטֶער זֵייא
פֶערְשְׁלָאסֶען נָאכְדֶעם אַז דִיא נָאכְ־
יָאגֶערְס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען:
8 אָבֶּער זֵייא, אֵיידֶער זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ גֶעלֵייגְט שְׁלָאפֶען, אִיז זִיא צוּ זֵייא
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם דַאךְ:
9 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
מֶענֶער, אִיךְ ווייס אַז גָאט הָאט צוּ
אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען דָאס לַאנְד, אוּנְד אַז
אֵייעֶרֶע פָארְכְט אִיז אוֹיף אוּנְס גֶע־
פַאלֶען, אוּנְד אַז אַלֶע בֶּעווָאוֹינֶער פוּן
דֶעם לַאנְד וֶועלֶען פַאר אֵייךְ צוּגֵיין
(צֶערשְׁמֶעלְצֶען):
10 דֶען מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז גָאט
הָאט אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְט דָאס וַואסֶער פוּן
יַם סוּף פַאר אֵייךְ, וֶוען אִיהְר זֶענְט
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס מִצְרַיִם, אוּנְד וָואס
אִיהְר הָאט גֶעטְהוּן צוּ דִיא צְווֵייא
מְלָכִים פוּן דֶעם אֱמוֹרִי וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אוֹיף יֶענֶער זַייט פוּן דֶעם
יַרְדֵן, צוּ סִיחוֹן אוּנְד צוּ עוֹג, וָואס
אִיהְר הָאט זֵייא פַארְווִיסְט:
11 אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט
אַזוֹי אִיז אוּנְזֶער הַארְץ צוּגַאנְגֶען,
אוּנְד עֶס אִיז נִיט מֶעהְר קֵיין גֵייסְט
(מוּטְה) בֶּעשְׁטַאנֶען אִין קֵיין מֶענְשׁ
פַאר אֵייךְ, וָוארִין דֶער הַאר אֵייעֶר
גָאט, עֶר אִיז גָאט אוֹיבֶּען אִים הִימֶעל
אוּנְד אוּנְטֶען אוֹיף דֶער עֶרְד:
12 אוּנְד אַצוּנְד, שְׁוֶוערְט צוּ מִיר
בַּייא גָאט, ווייל אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ
חֶסֶד גֶעטְהוּן, אַז אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ
טְהוּן חֶסֶד צוּ מֵיין פָאטֶערְס הוֹיז־
גֶעזִינְד, אוּנְד אַז אִיהְר זָאלְט מִיר
גֶעבֶּען אַן אֱמֶת'ן צֵייכֶען:
13 אוּנְד אַז אִיהְר זָאלְט לָאזֶען לֶעבֶּען
מֵיין פָאטֶער, אוּנְד מֵיינֶע מוּטֶער,
אוּנְד מֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד מֵיינֶע
שְׁוֶועסְטֶערְן, אוּנְד אַלֶעס וָואס גֶעהֶערְט
צוּ זֵייא, אוּנְד אִיהְר זָאלְט מַצִיל זֵיין
אוּנְזֶערֶע לֵייבֶּער פוּן דֶעם טוֹיט:
14 אוּנְד דִיא מֶענֶער הָאבֶּען צוּ אִיהְר
גֶעזָאגְט, אוּנְזֶערֶע לֵייבֶּער זָאלֶען
שְׁטַארְבֶּען אָנְשְׁטָאט אֵייךְ, וֶוען אִיהְר
וֶועט נִיט אוֹיסְזָאגֶען דִיזֶע אוּנְזֶערֶע
רֵייד, אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין וֶוען גָאט
וֶועט אוּנְס גֶעבֶּען דָאס לַאנְד, אַזוֹי
וֶועלֶען מִיר מִיט דִיר טְהוּן חֶסֶד אוּנְד
וַואהְרְהַייט (אֱמֶת):
15 אוּנְד זִיא הָאט זֵייא אַרָאבְּגֶעלָאזְט
מִיט אַ שְׁטְרִיק דוּרְךְ דָאס פֶענְסְטֶער,
וָוארִין אִיהְר הוֹיז אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער
שְׁטָאט-מוֹיעֶר, אוּנְד זִיא הָאט גֶעווָאוֹינְט
אִין דֶער מוֹיעֶר:
16 אוּנְד זִיא הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
גֵייט צוּם גֶעבֶּערְג, דָאס דִיא נָאכְ־
יָאגֶערְס זָאלֶען אֵייךְ נִיט אָנְטְרֶעפֶען,
אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ דָארְט בֶּעהַאלְטֶען
דְרֵייא טֶעג, בִּיז דִיא נָאכְיָאגֶערְס
וֶועלֶען צוּרִיקְקֶעהְרֶען, אוּנְד דֶערְנָאךְ
זָאלְט אִיהְר גֵיין אוֹיף אֵייעֶר וֶועג:


אונד

17 אוּנְד דִיא מֶענֶער הָאבֶּען צוּ אִיהְר
גֶעזָאגְט, מִיר וֶועלֶען זַיין רֵיין פוּן דִיא
דָאזִיגֶע דֵיין שְׁבוּעָה וָואס דוּא הָאסְט
אוּנְס גֶעמַאכְט שְׁוֶוערֶען:
18 וֶועה, אַז מִיר וֶועלֶען קוּמֶען אִין
דֶעם לַאנְד אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אָנְבִּינְדֶען
דֶעם דָאזִיגֶען רוֹיטֶען פָאדֶעם אִין דֶעם
פֶענְסְטֶער אִין וֶועלְכֶען דוּא הָאסְט
אוּנְס אַרוּפְגֶעלָאסְט, אוּנְד דֵיין פָאטֶער
אוּנְד דֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד דֵיינֶע
בְּרִידֶער, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד
פוּן דֵיין פָאטֶער זָאלְסְט דוּא צוּ דִיר
אֵיינְזַאמֶעלְן אִין דֵיין הוֹיז:
19 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז אִיטְלִיכֶער
וָואס וֶועט אַרוֹיסְגֵיין פוּן דִיא טִיר פוּן
דֵיין הוֹיז אוֹיסֶעוֵוייניג, זַיין בְּלוּט זָאל
זַיין אוֹיף זַיין קָאפּ, אוּנְד מִיר וֶועלֶען
זַיין אוּנְשׁוּלְדִיג, אָבֶּער אִיטְלִיכֶער וָואס
וֶועט זַיין מִיט דִיר אִים הוֹיז, זַיין בְּלוּט
זָאל זַיין אוֹיף אוּנְזֶער קָאפּ וֶוען אַ
הַאנְד וֶועט אוֹיף אִיהְם זַיין:
20 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט אוֹיסְזָאגֶען
דִיא דָאזִיגֶע אוּנְזֶערֶע רֵייד, אַזוֹי וֶועלֶען
מִיר רֵיין זַיין פוּן דֵיינֶע שְׁבוּעָה וָואס
דוּא הָאסְט אוּנְס בֶּעשְׁוָוארֶען:
21 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי וִויא
אֵייעֶרֶע רֵייד זֶענֶען אַזוֹי זָאל עֶס זַיין,
אוּנְד זִיא הָאט זַייא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט
אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זִיא
הָאט אָנְגֶעבִּינְדֶען דֶען רוֹיטֶען פָאדֶעם
אִין פֶענְסְטֶער:
22 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד
גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם בַּארְג, אוּנְד זַייא
זֶענֶען דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען דְרֵייא טֶעג,
בִּיז דִיא נָאכְיָאגֶערְס זֶענֶען צוּרִיקְ־
גֶעקֶעהְרְט. דֶען דִיא נָאכְיָאגֶערְס הָאבֶּען
זַייא גֶעזוּכְט אוֹיף דֶעם גַאנְצֶען וֶועג,
אָבֶּער זַייא הָאבֶּען זַייא נִיט גֶעפִינֶען:
23 אוּנְד דִיא צְווייא מֶענֶער הָאבֶּען
זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד הָאבֶּען אַרוּפְּ־
גֶענִידֶערְט פוּן דֶעם בַּארְג, אוּנְד זַייא
זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעפָאהְרֶען אוּנְד גֶעקוּמֶען
צוּ יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן פוּן נוּן, אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם עֶרְצֵיילְט אַלֶעס וָואס הָאט
זַייא גֶעטְרָאפֶען:
24 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ
יְהוֹשֻׁעַ אַז דֶער הַאר גָאט הָאט גֶע־
גֶעבֶּען אִין אוּנְזֶערֶע הַאנְד דָאס גַאנְצֶע
לַאנְד, אוּנְד אַלֶע בֶּעוָואוֹינֶער פוּן דֶעם
לַאנְד זֶענֶען אוֹיךְ צוּגַאנְגֶען פַאר
אוּנְס:

## קאפּיטעל ג

1 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ אִיז אִין דֶער פְרִיה
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען אַוֶועקְ־
גֶעצוֹיגֶען פוּן שִׁטִּים, אוּנְד זַייא זֶענֶען
גֶעקוּמֶען בִּיז צוּם יַרְדֵן, עֶר אוּנְד אַלֶע
קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
דָארְט גֶענֶעכְטִיגְט, אֵיידֶער זַייא זֶענֶען
אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען (דֶעם יַרְדֵן):
2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַם עֶנְד
פוּן דְרֵייא טֶעג אַזוֹי זֶענֶען דִיא בֶּעאַמְטֶע
אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ דִיא מַחֲנֶה:
3 אוּנְד זַייא הָאבֶּען דֶעם פָאלְק
גֶעבָּאטֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען; וֶוען אִיהְר
וֶועט זֶעהֶען דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם בּוּנְד
פוּן דֶעם הַאר, אֵייעֶר גָאט, אוּנְד דִיא
כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא לְוִיִּם וֶועלֶען אִיהְם
טְרָאגֶען, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אַוֶועק
צִיהֶען פוּן אֵיירֶע עֶרְטֶער אוּנְד זָאלְט
אִיהְם נָאכְגֵיין:
4 אָבֶּער עֶס זָאל זַיין אַן עֶרְוֵוייטֶערוּנְג
צְווִישֶׁען אֵייךְ אוּנְד אִיהְם, אַזוֹי וִויא
צְווייא טֵייזֶענְד אֵיילֶען נָאךְ דֶעם מָאס,
אִיהְר זָאלְט נִיט נָאהֶענְט קוּמֶען צוּ אִיהְם,



אַז

אַז אִיהְר זָאלְט װִיסֶען דֶען װֶעג װֶעלְכֶען
אִיהְר װֶעט גֵיין, דֶען אִיהְר זֶענְט נִיט
אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דִיזֶען װֶעג גֶעכְטֶען
אָדֶער אֵייעֶרְגֶעכְטֶען׃
5 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּם
פָאלְק, הֵיילִיגְט אֵייךְ, דֶען מָארְגֶען װֶעט
גָאט אוּנְטֶער אֵייךְ װאוּנְדֶער טְהוּן׃
6 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
כֹּהֲנִים אַזוֹי צוּ זָאגֶען; טְרָאגְט אִיהְר
דֶען אָרוֹן פוּן דֶעם בּוּנְד, אוּנְד גֵייט
אַרִיבֶּער פַאר דֶעם פָאלְק, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶען אָרוֹן הַבְּרִית,
אוּנְד זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען פַאר דֶעם
פָאלְק׃
7 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעזָאגְט
צוּ יְהוֹשֻׁעַ, דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג װֶעל
אִיךְ אָנְהֵייבֶּען דִיךְ גְרוֹיס צוּ מַאכֶען
אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גַאנְץ יִשְׂרָאֵל,
דָאס זֵייא זָאלֶען װִיסֶען אַז אַזוֹי װִיא
אִיךְ בִּין גֶעװֶעזֶען מִיט מֹשֶׁה'ן אַזוֹי
װֶעל אִיךְ זֵיין מִיט דִיר׃
8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעבִּיטֶען דִיא
כֹּהֲנִים װָאס טְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן הַבְּרִית,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, װֶען אִיהְר װֶעט אָנְקוּמֶען
צוּם עֶק װַאסֶער פוּן דֶעם יַרְדֵן, אַזוֹי
זָאלְט אִיהְר אִים יַרְדֵן שְׁטֵיין בְּלֵייבֶּען׃
9 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, גֶעגֶעהְנְט דָא אַהֶער,
אוּנְד הֶערְט דִיא רֵייד פוּן דֶעם הַאר
אֵייעֶר גָאט׃
10 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט, דוּרְךְ
דֶעם דָאזִיגֶען זָאלְט אִיהְר װִיסֶען אַז
דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער גָאט אִיז צְװִישֶׁען
אֵייךְ, אוּנְד עֶר װֶעט זִיכֶער פַאר אֵייךְ
פֶערְטְרֵייבֶּען דֶעם כְּנַעֲנִי, אוּנְד דֶעם
חִתִּי, אוּנְד דֶעם חִוִּי, אוּנְד דֶעם פְּרִזִּי,
אוּנְד דֶעם גִּרְגָּשִׁי, אוּנְד דֶעם אֱמוֹרִי,
אוּנְד דֶעם יְבוּסִי׃
11 נוּן, דֶער אָרוֹן הַבְּרִית פוּן דֶעם
הַאר פוּן דֶער גַאנְצֶען עֶרְד גֵייט
אַרִיבֶּער פַאר אֵייךְ אִים יַרְדֵן׃
12 אוּנְד אַצוּנְד נֶעמְט אֵייךְ צְװֶעלְף
מֶענֶער פוּן דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל,
אַ מַאן פוּן אִיטְלִיכֶען שֵׁבֶט׃
13 אוּנְד עֶס װֶעט זֵיין װֶען דִיא טְרִיט
פוּן דִיא פִּיס פוּן דִיא כֹּהֲנִים, װָאס
טְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט דֶעם הַאר
פוּן דֶער גַאנְצֶען עֶרְדָ, װֶעלֶען רוּהֶען
אִין דֶעם װַאסֶער פוּן יַרְדֵן, אַזוֹי װֶעלֶען
דִיא װַאסֶער פוּן יַרְדֵן פֶערשְׁנִיטֶען
װֶערֶען, דָאס װַאסֶער װָאס אַרוּפּ פְלִיסְט
פוּן אוֹיבֶּען, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען שְׁטֵיין
װִיא אֵיין הוֹיפֶען׃
14 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען דָאס
פָאלְק הָאט גֶעצוֹיגֶען פוּן זֵיירֶע
גֶעצֶעלְטֶער, אַרִיבֶּער צוּ גֵיין דֶעם יַרְדֵן,
אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען
דֶעם אָרוֹן הַבְּרִית פַאר דֶעם פָאלְק׃
15 אוּנְד אַז דִיא טְרֶעגֶער פוּן דֶעם
אָרוֹן זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז צוּם יַרְדֵן,
אוּנְד דִיא פִּיס פוּן דִיא כֹּהֲנִים, װָאס
הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן זֶענֶען
גֶעװָארֶען אֵיינְגֶעטוּנְקְט אִים עֶק פוּן
דֶעם װַאסֶער, אוּנְד דֶער יַרְדֵן אִיז
(גֶעװֶעזֶען) פוּלל אִין אַלֶע זֵיינֶע בְּרֶעגְעֶן
אַלֶע טֶעג פוּן דֶעם שְׁנִיט׃
16 אוּנְד דִיא װַאסֶער װָאס זֶענֶען
אַרוּפְגֶענִידֶערְט פוּן אוֹיבֶּען זֶענֶען
גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין, װִיא אֵיין הוֹיפֶען,
זֶעהְר װֵייט בֵּייא אָדָם, דִיא שְׁטָאט
װָאס אִיז בֵּייא דֶער זֵייט פוּן צָרְתָן,
אוּנְד װָאס אִיז אַרוּפְגֶענִידֶערְט צוּם יַם
פוּן דֶעם פְּלוֹין, פוּן דֶעם יַם הַמֶּלַח
זֶענֶען אִים גַאנְצֶען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען גֶע־

װארען

וָוארֶען, אוּנְד דָאס פָּאלְק אִיז אַרִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען יְרִיחוֹ׃

17 אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן בְּרִית פוּן גָאט זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין אִין דֶער טְרִיקֶענִים אִין דֶער מִיטֶען פוּן יַרְדֵן אָנְגֶעבְּרֵייט, אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ דִיא טְרִיקֶענִים, בִּיז דָאס גַאנְצֶע פָּאלְק אִיז גַאנְץ אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּערְ'ן יַרְדֵן׃

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז דָאס גַאנְצֶע פָּאלְק אִיז גַאנְץ אַרִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּערְ'ן יַרְדֵן, הָאט גָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

2 נֶעמְט אֵייךְ פוּן דֶעם פָּאלְק צְוֶועלְף מֶענֶער, אֵיין מַאן פוּן יֶעדֶען שֵׁבֶט׃

3 אוּנְד גֶעבִּיט זֵייא אַזוֹי צוּ זָאגֶען, הֵייבְּט אֵייךְ אוֹיף פוּן דַאנֶען, פוּן מִיטֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן, פוּן דֶעם פֶעסְטֶען שְׁטַאנְד פוּן דִיא פִּיס פוּן דִיא כֹּהֲנִים, צְוֶועלְף שְׁטֵיינֶער, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא מִיט אֵייךְ אַרִיבֶּערפִיהְרֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא אַנִידֶערְלֵייגֶען אִים נַאכְטלַאגֶער וְואוּ אִיהְר וֶועט דִיא נַאכְט אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען׃

4 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶערוּפֶען דִיא צְוֶועלְף מֶענֶער, וָואס עֶר הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אֵיין מַאן פוּן יֶעדֶען שֵׁבֶט׃

5 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֵייט אַרִיבֶּער פַאר דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט אִין מִיטֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד הֵייבְּט אֵייךְ אוֹיף אִיטְלִיכֶער אֵיין שְׁטֵיין אוֹיף זֵיין אַקְסֶעל, נָאךְ דֶער צָאל פוּן דִיא שְׁבָטִים פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃

6 כְּדֵי דָאס דָאזִיגֶע זָאל זֵיין אֵיין צֵייכֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ, אַז וֶוען אֵיירֶע קִינְדֶער וֶועלֶען אֵייךְ מָארְגֶען פְרֶעגֶען, אוּנְד זָאגֶען, וָואס בֶּעדֵייטֶען דִיזֶע שְׁטֵיינֶער צוּ אֵייךְ?

7 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר צוּ זֵייא זָאגֶען, ווייל דִיא וַואסֶער פוּן דֶעם יַרְדֵן זֶענֶען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען פַאר דֶעם אָרוֹן הַבְּרִית פוּן דֶעם הַאר גָאט, וֶוען עֶר אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן אַזוֹי זֶענֶען דִיא וַואסֶער פוּן דֶעם יַרְדֵן אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיזֶע שְׁטֵיינֶער זָאלֶען זֵיין צוּ אֵיין אַנְדֶענְקֶען צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג׃

8 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעבָּאטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען צְוֶועלְף שְׁטֵיינֶער פוּן דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן, אַזוֹי וִויא דֶער הַאר גָאט הָאט גֶערֶעדְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ, נָאךְ דֶער צָאל פוּן דִיא שְׁבָטִים דֶער קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא מִיט זִיךְ אַרִיבֶּערגֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם נַאכְטלַאגֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא דָארְט אַנִידֶער גֶעלֵייגְט׃

9 אוּנְד צְוֶועלְף שְׁטֵיינֶער הָאט יְהוֹשֻׁעַ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אִין מִיטֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן, אוּנְטֶער דֶעם בֶּעשְׁטַאנְד פוּן דִיא פִּיס פוּן דִיא כֹּהֲנִים וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן הַבְּרִית, אוּנְד זֵייא זֶענֶען דָארְט גֶעוֶועזֶען בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃

10 אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן, בִּיז דָאס גַאנְצֶע וָוארְט אִיז פוּלֶענְט גֶעוָוארֶען

וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם יְהוֹשֻׁעַ, צוּ רֶעדֶען צוּם פָּאלְק, נָאךְ אַלֶעם וָואס מֹשֶׁה הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם יְהוֹשֻׁעַ, אוּנְד דָאס פָּאלְק הָאט גֶעאֵיילְט אוּנְד זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען׃

11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דָאס גַאנְצֶע פָּאלְק אִיז גַאנְץ אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אַזוֹי אִיז דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אַרִיבֶּערְגֶעפָארֶען מִיט דִיא כֹּהֲנִים פַאר דֶעם פָּאלְק׃

12 אוּנְד עֶס זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דִיא קִינְדֶער פוּן רְאוּבֵן, אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן גָד, אוּנְד אַ הַאלְבֶּער שֵׁבֶט פוּן מְנַשֶּׁה, גֶעוָואפֶּענְט פַאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל; אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט׃

13 אַן עֶרֶךְ פוּן פִירְצִיג טוֹיזֶענְד מַאן גֶעוָואפֶּענְט צוּם הֶעעֶר, זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען פַאר דֶעם הַאר גָאט צוּ דֶער מִלְחָמָה, צוּם פְּלוֹין פוּן יְרִיחוֹ׃

14 אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג הָאט גָאט גְרוֹיס גֶעמַאכְט דֶעם יְהוֹשֻׁעַ אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפָארְכְטֶען, אַזוֹי וִויא זֵייא הָאבֶּען גֶעפָארְכְטֶען מֹשֶׁה, אַלֶע טֶעג פוּן זֵיין לֶעבֶּען׃

15 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

16 גֶעבִּיט דִיא כֹּהֲנִים וָואס טְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם צֵייגְנִיס, אַז זֵייא זָאלֶען אַרוֹיפְגֵיין פוּן דֶעם יַרְדֵן׃

17 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעבָּאטֶען דִיא כֹּהֲנִים, אוּנְד גֶעזָאגְט, גֵייט אַרוֹיף פוּן דֶעם יַרְדֵן׃

18 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז דִיא כֹּהֲנִים, וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן בְּרִית פוּן גָאט, זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן, וֶוען דִיא פִּיס פוּן דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען זִיךְ אָפְּגֶערִיקְט אוֹיף דָאס טְרִיקֶענֶע, אַזוֹי זֶענֶען דִיא וַואסֶער פוּן יַרְדֵן צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ זֵייעֶר אָרְט, אוּנְד אִיז גֶעגַאנְגֶען (אָדֶער גֶעפְלָאסֶען) וִויא נֶעכְטֶען אוּנְד אֵייעֶרְנֶעכְטֶען אוֹיף אַלֶע זַיינֶע בְּרֶעגֶען׃

19 אוּנְד דָאס פָּאלְק אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן אִים צֶעהְנְטֶען טָאג פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען חוֹדֶשׁ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אִין גִלְגָל, אִים עֶק מִזְרַח זֵייט פוּן יְרִיחוֹ׃

20 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע צְוֶועלְף שְׁטֵיינֶער, וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן, הָאט יְהוֹשֻׁעַ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אִין גִלְגָל׃

21 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען אֵיירֶע קִינְדֶער וֶועלֶען זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן מָארְגֶען פְרֶעגֶען, אוּנְד זָאגֶען, וָואס בֶּעדֵייטֶען דִיא דָאזִיגֶע שְׁטֵיינֶער?

22 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אֵיירֶע קִינְדֶער צוּ ווִיסֶען טְהוּן אוּנְד זָאגֶען, אַז יִשְׂרָאֵל אִיז אִין דֶער טְרִיקֶענִיס אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דִיזֶען יַרְדֵן׃

23 וֶוען דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְט דִיא וַואסֶער פוּן דֶעם יַרְדֵן פַאר אֵייךְ בִּיז אִיהְר זֶענְט אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי וִויא דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט גֶעטְהוּן צוּ דֶעם יַם סוּף וָואס עֶר הָאט פַאר אוּנְס אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְט בִּיז מִיר זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען׃

24 כְּדֵי אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן דֶער עֶרְד זָאלֶען ווִיסֶען אַז דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר (גָאט) אִיז שְׁטַארְק, אַז אִיהְר זָאלְט פָארְכְטֶען דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט אַלֶע טֶעג׃

## קאפיטעל ה

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען אַלֶע מְלָכִים פוּן אֱמוֹרִי וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער מַעֲרָב זַייט פוּן דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד אַלֶע מְלָכִים פוּן דֶעם כְּנַעֲנִי וָואס זֶענֶען בַּייא דֶעם יַם, הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז דֶער הַאר (גָאט) הָאט אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְט דִיא וַואסֶער פוּן דֶעם יַרְדֵן פַאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל בִּיז זַייא זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען זַייעֶרֶע הֶערְצֶער צוּשְׁמָאלְצֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶס אִיז אִין זַייא נִיט גֶעבְּלִיבֶּען קֵיין מוּטְה פַאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:

2 אִין דֶערְזֶעלְבִּיגֶע צַייט הָאט דֶער הַאר (גָאט) גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ, מַאךְ דִיר שַׁארְפֶע שְׁוֶוערְט (מֶעסֶער), אוּנְד בֶּעשְׁנַייד וִוידֶער דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל דָאס אַנְדֶערֶע מָאל:

3 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט שַׁארְפֶע שְׁוֶוערְט (מֶעסֶער) אוּנְד עֶר הָאט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל בֶּעשְׁנִיטֶען בַּייא גִבְעַת פוּן עֲרָלוֹת:

4 אוּנְד דָאס אִיז דִיא זַאךְ פַאר וָואס יְהוֹשֻׁעַ הָאט (זַייא) בֶּעשְׁנִיטֶען, דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם, דִיא זְכָרִים, אַלֶע מֶענֶער פוּן דֶער מִלְחָמָה זֶענֶען אוֹיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען אִין דֶער מִדְבָּר, אוֹיף דֶעם וֶועג וֶוען זַייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס מִצְרַיִם:

5 דֶען דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעמַלְת, אָבֶּער דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶער מִדְבָּר אוֹיף דֶעם וֶועג, אִין זַייעֶר אַרוֹיסְגַיין פוּן מִצְרַיִם, זֶענֶען נִיט גֶעוֶועזֶען גֶעמַלְת:

6 וָוארִין פִירְצִיג יָאהְר זֶענֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער מִדְבָּר בִּיז דָאס גַאנְצֶע פָאלְק, דִיא קְרִיגְס-לֵייטֶע, וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן מִצְרַיִם זֶענֶען אוֹיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען, ווייל זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעהָארְכְט צוּ דֶער שְׁטִים פוּן גָאט וָואס גָאט הָאט צוּ זַייא גֶעשְׁוָוארֶען, אַז זַייא זָאלֶען נִיט זֶעהֶען דָאס לַאנְד וָואס גָאט הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ זַייעֶרֶע אָבוֹת, צוּ אוּנְס צוּ גֶעבֶּען, אַ לַאנְד וָואס פְלִיסְט מִיט מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג:

7 אוּנְד עֶר הָאט זַייעֶרֶע קִינְדֶער אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף זַייעֶר אָרְט; זַייא הָאט יְהוֹשֻׁעַ מַל גֶעוֶועזֶען, דֶען זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען (עֲרֵלִים) אוּנְבֶּעשְׁנִיטֶען, וָוארִין מַאן הָאט זַייא נִיט גֶעמַלְת אוֹיף דֶעם וֶועג:

8 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז גֶעוֶועזֶען אִים גַאנְצֶען גֶעמַלְת, אַזוֹי זֶענֶען זַייא גֶעבְּלִיבֶּען אִין זַייעֶרֶע שְׁטֶעלֶע אִין דֶער מַחֲנֶה בִּיז זַייא זֶענֶען גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען:

9 אוּנְד דֶער הַאר (גָאט) הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ, הַיינְט הָאבּ אִיךְ אַנְטְפֶּלֶעקְט (אָדֶער אָפְּגֶעטְהוּן) דִיא שַׁאנְד פוּן מִצְרַיִם פוּן אֵייךְ, אוּנְד מַאן הָאט גֶערוּפֶען דֶען נָאמֶען פוּן דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט גִלְגָל בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג:

10 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אִין גִלְגָל; אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט דָאס (קָרְבָּן) פֶּסַח, אִין דֶעם פִירְצֶעהֶנְטֶען טָאג פוּן חוֹדֶשׁ אַם אָבֶענְד, אִים פְּלוֹין פוּן יְרִיחוֹ:

11 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען פוּן דֶער תְּבוּאָה פוּן דֶעם לַאנְד אַן דֶעם אַנְדֶערְן טָאג פֶּסַח, מַצוֹת אוּנְד גֶעטְרִיקֶענְטֶע (זַאנְגֶען) אִין דֶערְזֶעלְבִּיגֶען טָאג:



אונד

12 אונְד דֶער מָן הָאט אויפְגֶעהֶערְט
פון דֶעם אַנְדֶערְן טָאג, וֶוען זַייא
הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען פון דֶער תְּבוּאָה פון
דֶעם לַאנְד, וָוארִין עֶס אִיז נִיט מֶעהְר
גֶעוֶועזֶען קֵיין מָן פַאר דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל, אונְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען
פון דֶער תְּבוּאָה פון דֶעם לַאנְד כְּנַעַן
אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען יָאהְר:
13 אונְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז יְהוֹשֻׁעַ
וַואר בֵּייא יְרִיחוֹ, אַזוֹי הָאט עֶר אויפְ־
גֶעהויבֶּען זַיינֶע אויגֶען אונְד גֶעזֶעהֶען,
אונְד נוּן אַ מַאן אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַנְט־
קֶעגֶען אִיהְם, אונְד אַן אויסְגֶעצויגֶענֶעם
שְׁוֶוערְט אִין זַיינֶע הַאנְד; אונְד יְהוֹשֻׁעַ
אִיז צוּ אִיהְם צוּגֶעגַאנְגֶען אונְד הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיזְט דוּא פַאר
אוּנְס אָדֶער צוּ אוּנְזֶערֶע פֵיינְד?
14 אונְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נֵיין!
נֵייעֶרְט אִיךְ בִּין דֶער הַאר אִיבֶּער דֶעם
חַיִל פון גָאט, אִיךְ בִּין יֶעצְט גֶעקוּמֶען;
אַזוֹי אִיז יְהוֹשֻׁעַ אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען מִיט
זַיין פָּנִים אויף דֶער עֶרְד אונְד עֶר
הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט, אונְד הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, וָואס רֶעדְט מֵיין הַאר צוּ זַיין
קְנֶעכְט?
15 אונְד דֶער הַאר פון גָאטְ'ס חַיִל
הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ, צִיה אָפּ דֵיינֶע
שוּךְ פון דֵיינֶע פִּיס, וָוארִין דֶער אָרְט
וָואס דוּא שְׁטֵייסְט אויף אִיהְם עֶר אִיז
הֵיילִיג, אונְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן:

## קאפיטעל ו

1 אונְד יְרִיחוֹ אִיז גֶעוֶועזֶען גַאנְץ
שְׁטַארְק פֶערְשְׁלָאסֶען פַאר דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל, קֵיינֶער אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען
אונְד קֵיינֶער אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען:
2 אונְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ,
זֶעה, אִיךְ הָאבּ אִין דֵיינֶע הַאנְד גֶע־
בֶּען יְרִיחוֹ אונְד אִיהְר מֶלֶךְ, אונְד
דִיא שְׁטַארְקֶע חַיִל'ס לֵייט:
3 אונְד אִיהְר זָאלְט אַרוּמְרִינְגֶעלְן דִיא
שְׁטָאט, אַלֶע מֶענֶער פון דֶער מִלְחָמָה
זָאלֶען אַרוּמְרִינְגֶעלְן דִיא שְׁטָאט אֵיין
מָאל; אַזוֹי זָאלְסְט דוּא טְהוּן זֶעקְס
טֶעג:
4 אונְד זִיבֶּען כֹּהֲנִים זָאלֶען טְרָאגֶען
זִיבֶּען שׁוֹפְרוֹת פון ווִידֶערְס, פַאר דֶעם
אָרוֹן, אונְד אִין דֶעם זִיבֶּענְטֶען טָאג זָאלְט
אִיהְר אַרוּמְרִינְגֶעלְן דִיא שְׁטָאט זִיבֶּען
מָאל, אונְד דִיא כֹּהֲנִים זָאלֶען בְּלָאזֶען
מִיט דִיא שׁוֹפְרוֹת:
5 אונְד עֶס וֶועט זַיין, וֶוען מַאן וֶועט
לַאנְג בְּלָאזֶען מִיט דֶעם הָארְן פון דֶעם
ווִידֶער, וֶוען אִיהְר וֶועט הֶערֶען דִיא
שְׁטִים פון דֶעם שׁוֹפָר, אַזוֹי זָאל דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק אויפְהֵייבֶּען אַ גְרויס
גֶעשְׁרֵייא, אונְד דִיא מויעֶרְן פון דֶער
שְׁטָאט וֶועלֶען הִינְטֶער זִיךְ אֵיינְפַאלֶען,
אונְד דָאס פָאלְק וֶועט אַרויפְגֵיין
אִיטְלִיכֶער פַאר זִיךְ:
6 אונְד יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן הָאט גֶערוּפֶען
צוּ דִיא כֹּהֲנִים, אונְד עֶר הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, הֵייבְּט אויף דֶען אָרוֹן הַבְּרִית,
אונְד זִיבֶּען כֹּהֲנִים זָאלֶען טְרָאגֶען
זִיבֶּען שׁוֹפְרוֹת פון ווִידֶער פַאר דֶעם
אָרוֹן פון גָאט:
7 אונְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּם פָאלְק,
גֵייט אַרִיבֶּער אונְד רִינְגֶעלְט אַרוּם דִיא
שְׁטָאט, אונְד דֶער וָואס אִיז גֶעוָואפֶּענְט
זָאל אַרִיבֶּערְגֵיין פַאר דֶעם אָרוֹן פון
גָאט:
8 אונְד עֶס אִיז אַזוֹי גֶעוֶועזֶען ווִיא
יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּם פָאלְק, אונְד
דִיא זִיבֶּען כֹּהֲנִים וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָא־
גֶען זִיבֶּען שׁוֹפְרוֹת פון ווִידֶער פַאר גָאט


זענען

זֶענֶען אַרִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען מִיט דִיא שׁוֹפְרוֹת, אוּנְד דֶער אָרוֹן בְּרִית פוּן גָאט אִיז זֵייא נָאכְגֶעגַאנְגֶען:

9 אוּנְד דִיא גֶעוָואפֶּענְטֶע זֶענֶען גֶע־גַאנְגֶען פַאר דִיא כֹּהֲנִים וָואס הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען דִיא שׁוֹפְרוֹת, אוּנְד דִיא פֶערְזַאמֶעלְטֶע זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען הִינְטֶער דֶעם אָרוֹן, בֵּייא דֶעם גֵיין הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּלָאזֶען מִיט דִיא שׁוֹפְרוֹת:

10 אוּנְד צוּ דֶעם פָאלְק הָאט יְהוֹשֻׁעַ גֶעבָּאטֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיהְר זָאלְט נִיט שְׁרֵייעֶן אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט הֶערֶען לָאזֶען אֵייעֶר קוֹל, אוּנְד עֶס זָאל קֵיין וָוארְט אוֹיס אֵייעֶר מוֹיל אַרוֹיסְגֵיין בִּיז צוּ דֶעם טָאג וָואס אִיךְ וֶועל אֵייךְ זָאגֶען אַז אִיהְר זָאלְט שְׁרֵייעֶן, אוּנְד אִיהְר זָאלְט שְׁרֵייעֶן:

11 אוּנְד דֶער אָרוֹן פוּן גָאט הָאט אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט דִיא שְׁטָאט אֵיין מָאל, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין דֶער מַחֲנֶה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענֶעכְטִיגְט אִין דֶער מַחֲנֶה:

12 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ אִיז אַם מָארְגֶען פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶען אָרוֹן פוּן גָאט:

13 אוּנְד דִיא זִיבֶּען כֹּהֲנִים וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דִיא זִיבֶּען שׁוֹפְרוֹת פוּן ווִידֶער'ס פַאר דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען מִיט דִיא שׁוֹפְרוֹת, אוּנְד דִיא גֶעוָוא־פֶּענְטֶע זֶענֶען פַאר זֵייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא פֶערְזַאמֶעלְטֶע זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען הִינְטֶער דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּלָאזֶען מִיט דִיא שׁוֹפְרוֹת:

14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דִיא שְׁטָאט אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט דֶעם אַנְדֶערְן טָאג אֵיין מָאל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּרִיקְ־גֶעקֶעהְרְט צוּ דֶער מַחֲנֶה; אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעטְהוּן זֶעקְס טֶעג:

15 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַם זִיבֶּענְטֶען טָאג, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא פְרִיה אוֹיפְ־גֶעשְׁטַאנֶען וֶוען דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דִיא שְׁטָאט אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט נָאךְ דֶעם דָאזִיגֶען שְׁטֵייגֶער, זִיבֶּען מָאל; נוּר דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג הָאבֶּען זֵייא אַרוּמְ־גֶערִינְגֶעלְט דִיא שְׁטָאט זִיבֶּען מָאל:

16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען מִיט דִיא שׁוֹפְרוֹת דָאס זִיבֶּענְטֶע מָאל, אַזוֹי הָאט יְהוֹשֻׁעַ גֶעזָאגְט צוּם פָאלְק שְׁרֵייט! וָוארִין גָאט הָאט צוּ אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען דִיא שְׁטָאט:

17 אוּנְד דִיא שְׁטָאט זָאל אִין חֵרֶם גֶעלֵייגְט וֶוערֶען, זִיא אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז אִין אִיהְר, צוּ גָאט, נוּר רָחָב דִיא שְׁפֵּייזֶערִין זָאל בְּלֵייבֶּען לֶעבֶּען, זִיא, אוּנְד אַלֶע וָואס זֶענֶען בֵּייא אִיהְר אִים הוֹיז, ווייל זִיא הָאט בֶּעהַאלְטֶען דִיא מְרַגְּלִים וָואס מִיר הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשִׁיקְט:

18 נֵייעֶרְט אִיהְר זָאלְט אֵייךְ הִיטֶען פוּן דֶעם פֶּער־חֵרֶם'טֶען, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט נֶעמֶען פוּן דֶעם חֵרֶם, אוּנְד דַאמִיט דִיא מַחֲנֶה פוּן יִשְׂרָאֵל אִין חֵרֶם אַרֵיין לֵייגְט, אוּנְד אוּנְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶען:

19 אָבֶּער אַלֶעס זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד, אוּנְד קוּפֶּערְנֶע אוּנְד אֵייזֶערְנֶע כֵּלִים זָאלֶען זֵיין הֵיילִיג צוּ גָאט, אִין דֶעם אוֹצָר פוּן גָאט זָאל עֶס אַרֵיין גֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען:

20 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעשַׁאלְט,

אוּנד

אונד זייא האבען געבלאזען מיט
שופרות; אונד עס איז געוועזען ווען
דאס פאלק האט געהערט דאס קול
פון שופר, אזוי האט דאס פאלק
געשריען א גרויס געשריי, אונד דיא
מויער איז הינטער זיך געפאלען;
אונד דאס פאלק איז ארויפגעגאנגען
אין דיא שטאט, איטליכער פאר זיך,
אונד זייא האבען איינגענומען דיא
שטאט:
21 אונד זייא האבען פערוויסט אלעס
וואס איז געוועזען אין דער שטאט,
פון א מאן ביז א פרויא, פון יונג ביז
אלט, פון א אקס, אונד א לאם, אונד
איזעל דורך דאס שווערט:
22 אונד צו דיא צווייא מענער וואס
האבען אויסגעזעהען דאס לאנד האט
יהושע געזאגט, גייט אריין אין דעם הויז
פון דעם ווייב, דיא זונה, אונד ברענגט
ארויס פון דארט דאס ווייב אונד אלעס
וואס געהערט צו איהר, אזוי וויא איהר
האט צו איהר געשוואוירען:
23 אונד דיא יונגען, דיא אויסזעהער
זענען געקומען, אונד האבען ארויס־
געברענגט דיא רחב, אונד איהר
פאטער, אונד איהרע מוטער, אונד
איהרע ברידער, אונד אלעס וואס
געהערט צו איהר; אונד איהרע גאנצע
משפחה האבען זייא ארויסגעברענגט,
אונד זייא האבען זייא ארויסגעפיהרט
אויסעווייניג פון דער מחנה פון ישראל:
24 אונד דיא שטאט, אונד אלעס
וואס וואר אין איהר, האבען זייא
פערברענט מיט פייער, נור דאס
זילבער אונד דאס גאלד, אונד דיא
קופערנע אונד אייזערנע כלים האבען
זייא אריינגעגעבען אין דעם אוצר
פון דעם הויז פון גאט:
25 אונד רחב הזונה, אונד דאס הויז־
געזינד פון איהר פאטער, אונד אלעס
וואס געהערט צו איהר האט יהושע
געלאזט לעבען, אונד זיא האט געע־
וואוינט צווישען ישראל ביז צו דעם
היינטיגען טאג; ווייל זיא האט בעע־
האלטען דיא מרגלים וואס יהושע האט
אהין געשיקט יריחו אויסצוזעהען:
26 אונד יהושע האט צו דערזעלביגע
צייט געשוואוירען, אונד האט געזאגט,
פערשאלטען זאל זיין דער מאן פאר
גאט, וואס וועט אויפשטיין אונד
אויפבויען דיזע שטאט יריחו, מיט זיין
(בכור) עלטסטען זוהן זאל ער דען גרונד
לייגען, אונד מיט זיין יונגסטען זוהן
זאל ער איהרע טירען אויפשטעלען:
27 אונד דער האר גאט איז געוועזען
מיט יהושע, אונד מאן האט פון איהם
געהערט אין דעם גאנצען לאנד:

## קאפיטעל ז

1 אונד דיא קינדער ישראל האבען
געפעלשט א פעלשונג אין דעם חרם,
וואריין עכן, זוהן פון כרמי, זוהן פון
זבדי, זוהן פון זרח פון דעם שבט
יהודה, האט גענומען פון דעם חרם,
אונד דער צארן פון דעם האר גאט
האט געגרימט איבער דיא קינדער
ישראל:
2 אונד יהושע האט געשיקט מענער
פון יריחו נאך עי, וואס איז בייא בית
און אן דער מזרח זייט פון בית אל,
אונד ער האט צו זייא געזאגט אזוי
צו זאגען, גייט ארויף אונד זעהט אויס
דאס לאנד, אונד דיא מענער זענען
ארויפגעגאנגען אונד האבען אויס־
געזעהען עי:

3 אוּנְד זֵייא זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען צוּ יְהוֹשֻׁעַ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לָאז נִיט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אַרוֹיפְגֵיין, גֵייעֶרְט אַן עֶרֶךְ פוּן צְוֵוייא טוֹיזֶענְד מַאן אָדֶער דְרֵייא טוֹיזֶענְד מַאן זָאלֶען אַרוֹיפְגֵיין אוּנְד שְׁלָאגֶען עַי, דוּא זָאלְסְט נִיט דָארְט אַהִין בֶּעמִיהֶען דָאס גַאנְצֶע פָאלְק, וָוארִין זֵייא זֶענֶען וֶוינִיג:

4 אוּנְד עֶס אִיז דָארְטֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם פָאלְק אַן עֶרֶךְ פוּן דְרֵייא טוֹיזֶענְד מַאן, אָבֶּער זֵייא זֶענֶען עֶנְטְלָאפֶען פַאר דִיא לֵייט פוּן עַי:

5 אוּנְד דִיא לֵייט פוּן עַי, הָאבֶּען פוּן זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען זֶעקְס אוּנְד דְרֵייסִיג מַאן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא נָאכְגֶעיָאגְט פַאר דֶעם טוֹיעֶר בִּיז נָאךְ שְׁבָרִים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען בֵּיים אַרוּנְטֶערְגֵיין, אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן דֶעם פָאלְק אִיז צוּגַאנְגֶען אוּנְד אִיז גֶעוָוארֶען וִויא וַאסֶער:

6 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט צוּרִיסֶען זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר אִיז גֶעפַאלֶען מִיט זַיין פָּנִים אוֹיף דֶער עֶרְד פַאר דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, בִּיז אָבֶענְד, עֶר אוּנְד דִיא עֶלְטֶסְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט שְׁטוֹיבּ אוֹיף זֵיירֶע קֶעפּ:

7 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט, אַךְ מֵיין הַאר, גָאט! פַאר וָואס הָאסְט דוּא גֶעמַאכְט אִיבֶּערְפָארֶען דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן, אוּנְס צוּ אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם אֱמוֹרִי, אוּנְס אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען, אוֹי, הַלְוַאי הָאטֶען מִיר דָאךְ גֶעוָואלְט בְּלֵייבֶּען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן דֶעם יַרְדֵן!

8 אִיךְ בֶּעט, מֵיין הַאר (גָאט), וָואס זָאל אִיךְ זָאגֶען, נָאכְדֶעם אַז יִשְׂרָאֵל הָאט דֶעם רִיקֶען אוּמְגֶעקֶעהְרְט פַאר זַיינֶע פֵיינְד?!

9 אוּנְד וֶוען דִיא כְּנַעֲנִים, אוּנְד אַלֶע אֵיינְווֹאוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד וֶועלֶען עֶס הֶערֶען אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא אוּנְס אַרוּמְרִינְגֶעלְן, אוּנְד וֶועלֶען פֶערשְׁנֵיידֶען אוּנְזֶער נָאמֶען פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד וָואס וֶועסְט דוּא טְהוּן צוּ דֵיין גְרוֹיסֶען נָאמֶען?

10 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ, שְׁטֵייא דָאךְ אוֹיף! פַאר וָואס בִּיזְט דוּא גֶעפַאלֶען אוֹיף דֵיין פָּנִים?

11 יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזִינְדִיגְט, זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען מֵיין בּוּנְד, וָואס אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעבָּאטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ גֶענוּמֶען פוּן דֶעם חֵרֶם, זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעגַנְבֶת, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעלֵייקֶענְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס אוֹיךְ אַרֵיינְגֶעלֵייגְט אִין זֵיירֶע כֵּלִים:

12 דַארוּם הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל נִיט גֶעקֶענְט בֶּעשְׁטֵיין פַאר זֵיירֶע פֵיינְד, דֶען רִיקֶען וֶועלֶען זֵייא קֶערֶען פַאר זֵיירֶע פֵיינְד, דֶען זֵייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען צוּם חֵרֶם, אִיךְ וֶועל נִיט מֶעהְר מִיט אֵייךְ זַיין, וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט פֶערְטִילְגֶען דֶעם חֵרֶם פוּן צְוִוישֶׁען אֵייךְ!

13 שְׁטֵייא אוֹיף, הֵיילִיג דָאס פָאלְק, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, הֵיילִיגְט אֵייךְ אוֹיף מָארְגֶען; וָוארִין, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אַ חֵרֶם אִיז צְוִוישֶׁען דִיר, יִשְׂרָאֵל! דוּא קֶענְסְט נִיט בֶּעשְׁטֵיין פַאר דֵיינֶע פֵיינְד בִּיז דֶער חֵרֶם אִיז אָפְּגֶעטְהוּן פוּן צְוִוישֶׁען אֵייךְ:

14 אוּנְד אִיהְר זָאלְט גֶעגֶעהֶגֶען
מאַרְגֶען אִין דֶער פְּרִיה נָאךְ אֵייֶרֶע
שְׁבָטִים, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין דֶער שֵׁבֶט
וָואס גָאט וֶועט בֶּעצְוִוינְגֶען דֶער זָאל
גֶעגֶעהֶען נָאךְ זַיינֶע מִשְׁפָּחוֹת, אוּנְד
דִיא מִשְׁפָּחָה וָואס גָאט וֶועט בֶּעצְוִוינְגֶען
זָאל גֶעגֶעהֶגֶען נָאךְ דֶעם הויזְגֶעזִינְד,
אוּנְד דָאס הויזְגֶעזִינְד וָואס גָאט וֶועט
בֶּעצְוִוינְגֶען זָאל גֶעגֶעהֶגֶען נָאךְ דִיא
מֶענֶער:
15 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז דֶער וָואס
וֶועט וֶוערֶען בֶּעצְוִוינְגֶען אִין דֶעם חֵרֶם
דֶער זָאל פֶערבְּרֶענְט וֶוערֶען אִין דֶעם
פַייעֶר, עֶר, אוּנְד אַלֶעס וָואס גֶעהֶערְט צוּ אִיהְם, ווייל עֶר הָאט עוֹבֵר
גֶעוֶועזֶען אויף דֶעם בְּרִית פוּן גָאט;
אוּנְד ווייל עֶר הָאט גֶעטְהוּן אַ שְׁלֶעכְטֶע
זַאךְ אִין יִשְׂרָאֵל:
16 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען
אַם פְּרִיה מָארְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעמַאכְט גֶעגֶעהֶגֶען יִשְׂרָאֵל נָאךְ זַיירֶע
שְׁבָטִים, אַזוֹי אִיז בֶּעצְוִוינְגֶען גֶעוָוארֶען
דֶער שֵׁבֶט יְהוּדָה:
17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט גֶעגֶעהֶגֶען
דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט
בֶּעצְוִוינְגֶען דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן זֶרַח, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעמַאכְט גֶעגֶעהֶגֶען דִיא
מִשְׁפָּחָה פוּן זֶרַח נָאךְ דִיא מֶענֶער,
אוּנְד עֶר הָאט בֶּעצְוִוינְגֶען זַבְדִּי:
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט גֶעגֶעהֶגֶען
זַיין הויזְגֶעזִינְד נָאךְ דִיא מֶענֶער, אוּנְד
עֶר הָאט בֶּעצְוִוינְגֶען עָכָן זוּהְן פוּן
כַּרְמִי, זוּהְן פוּן זַבְדִּי, זוּהְן פוּן זֶרַח
פוּן דֶעם שֵׁבֶט יְהוּדָה:
19 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
עָכָן, מֵיין זוּהְן! אִיךְ בֶּעט דִיךְ, גִיב
נוּן כָּבוֹד צוּ דֶעם הַאר, דֶעם גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זַייא מִתְוַדֶּה, אוּנְד זָאג
נוּן צוּ מִיר וָואס דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן,
בֶּעהַאלְט עֶס נִיט פוּן מִיר:
20 אוּנְד עָכָן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּ
יְהוֹשֻׁעַ אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, פַארְוָואהְר,
אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט, קֶעגֶען דֶעם הַאר,
דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, וָוארִין אַזוֹי
אוּנְד אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעטְהוּן:
21 וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער
דֶעם רוֹיבּ אַ שֵׁיינֶעם מַאנְטֶעל פוּן
שִׁנְעָר, אוּנְד צְוֵויא הוּנְדֶערְט שְׁקָלִים
זִילְבֶּער, אוּנְד אַ צוּנְג (שְׁטַאנְג) גָאלְד,
זַיין גֶעווִיכְט אִיז גֶעוֶועזֶען פוּפְצִיג
שְׁקָלִים, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ זַייא גֶעגְלִיסְט,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא צוּגֶענוּמֶען, אוּנְד
זֶעה, זַייא זֶענֶען בֶּעהַאלְטֶען אוּנְטֶער
דֶער עֶרד אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם
גֶעצֶעלְט, אוּנְד דָאס זִילְבֶּער אִיז
דַארוּנְטֶער:
22 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים,
אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעלָאפֶען צוּ דֶעם
גֶעצֶעלְט, אוּנְד נוּן עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
בֶּעהַאלְטֶען אִין זַיין גֶעצֶעלְט, אוּנְד
דָאס זִילְבֶּער אִיז גֶעוֶועזֶען דַארוּנְטֶער:
23 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא גֶענוּמֶען
פוּן דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא גֶעבְּרַאכְט צוּ
יְהוֹשֻׁעַ, אוּנְד צוּ אַלֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט
פַאר גָאט:
24 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶענוּמֶען דֶעם
עָכָן, זוּהְן פוּן זֶרַח, אוּנְד דָאס זִילְבֶּער,
אוּנְד דֶעם מַאנְטֶעל, אוּנְד דִיא צוּנְג
גָאלְד, אוּנְד זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד זַיינֶע
טֶעכְטֶער, אוּנְד זַיינֶע אָקְסֶען אוּנְד
זַיינֶע אֵיזֶעל, אוּנְד זַיינֶע שָׁאף, אוּנְד
זַיין גֶעצֶעלְט אוּנְד אַלֶעס וָואס הָאט

צו איהם געהערט, אונד גאנץ ישראל
מיט איהם, אונד זייא האבען זייא
ארויפגעבראכט אין דעם טהאל עכור:
25 אונד יהושע האט געזאגט, וואס
האסט דוא אונס בעטריבט? גאט זאל
דיך בעטריבען דעם היינטיגען טאג;
אונד גאנץ ישראל האט איהם פער־
שטיינט מיט שטיינער, אונד זייא
האבען זייא פערברענט מיט פייער,
אונד זייא האבען זייא פערשטיינט מיט
שטיינער:
26 אונד זייא האבען איבער איהם
אויפגעשטעלט א גרויסען הויפען
שטיינער, ביז צום היינטיגען טאג;
אזוי האט זיך דער האר (גאט) אפּ־
געקעהרט פון זיין גרימצארן; דארום
האט מען גערופען דעמזעלביגען ארט
עמק עכור ביז אויף דעם היינטיגען
טאג:

## קאפיטעל ח

1 אונד גאט האט געזאגט צו יהושע,
דוא זאלסט ניט קיין מורא האבען,
אונד דוא זאלסט ניט שרעקען, געם
מיט דיר דאס גאנצע פאלק פון דער
מלחמה, אונד שטייא אויף, אונד גייא
ארויף נאך עי, זעה, איך האב געגעב־
בען אין דיינע האנד דעם מלך פון
עי, אונד זיין פאלק, אונד זיינע שטאט,
אונד זיין לאנד:
2 אונד דוא זאלסט טהון צו עי אונד
צו איהר מלך אזוי וויא דוא האסט
געטהון צו יריחו אונד צו איהר מלך;
נור איהר רויב אונד איהרע בהמות
זאלט איהר אייך רויבען; מאך דיר א
לויערשטעל הינטער דער שטאט:
3 אונד יהושע איז אויפגעשטאנען,
אונד דאס גאנצע מלחמה פאלק ארויף
צו גיין נאך עי; אונד יהושע האט
אויסגעוועהלט דרייסיג טויזענד מאן,
דיא שטארקסטע פון דעם חיל, אונד
האט זייא אהינגעשיקט בייא נאכט:
4 אונד ער האט זייא געבאטען אונד
געזאגט, זעהט, איהר זאלט לויערען
בייא דער שטאט, הינטער דער שטאט,
איהר זאלט ניט זעהר ווייט זיין פון
דער שטאט, אונד איהר זאלט אלע
פארבערייטעט זיין:
5 אונד איך אונד דאס גאנצע פאלק
וואס איז מיט מיר וועלען נאהענט קומען
צו דער שטאט, אונד עס וועט זיין אז
ווען זייא וועלען ארויסגיין אונס ענט־
קעגען אזוי וויא צום ערשטען מאל,
וועלען מיר פאר זייא ענטלויפען:
6 אונד זייא וועלען הינטער אונס
ארויסגיין, ביז מיר וועלען זייא האבען
אוועקגעצויגען פון דער שטאט, ווארין
זייא וועלען זאגען, אז זייא ענטלויפען
פאר אונס אזוי וויא צום ערשטען
מאל, אונד מיר וועלען פאר זייא
ענטלויפען:
7 אונד איהר זאלט אויפשטיין פון
אייער לויער־ארט אונד איהר זאלט
איינגעמען דיא שטאט, ווארין דער
האר, אייער גאט וועט זייא געבען אין
איירע האנד:
8 אונד עס וועט זיין אז ווען איהר
וועט דיא שטאט אנחאפען, אזוי זאלט
איהר זיא אנצינדען מיט פייער, נאך
דעם ווארט פון גאט זאלט איהר עס
טהון, זעהט, איך האב עס אייך
געבאטען:
9 אונד יהושע האט זייא אהינגעג־
שיקט, אונד זייא זענען געגאנגען צו
דעם לויער־ארט, אונד זייא זענען


געבליבען

גֶעבְּלִיבֶּען צְווִישֶׁען בֵּית־אֵל אוּנְד צְווִי־
שֶׁען עַי, אַן דֶער מַעֲרָב זַייט פוּן עַי;
אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶענֶעכְטִיגְט אִין
דִיזֶעלְבִּיגֶע נַאכְט צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק:
10 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ אִיז אִין דֶער פְרִיה
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט גֶעמוּסְטֶערְט
(אָדֶער גֶעצֵיילְט) דָאס פָאלְק, אוּנְד עֶר
אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד דִיא עֶלְטֶסְטֶע
פוּן יִשְׂרָאֵל, פַאר דֶעם פָאלְק נָאךְ עַי:
11 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע מִלְחָמָה פָאלְק
וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, זֶענֶען
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶע־
נֶעהְנְט, אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען עֶנְטקֶעגֶען
דֶער שְׁטָאט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאֶ־
גֶערְט אַן דֶער צָפוֹן־זַייט פוּן עַי, אוּנְד
דָאס טְהָאל אִיז גֶעוֶועזֶען צְווִישֶׁען זֵייא
אוּנְד צְווִישֶׁען עַי:
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען אַן עֶרֶךְ
פוּן פִינֶעף טוֹיזֶענְד מַאן, אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא גֶעמַאכְט לוֹירֶען צְווִישֶׁען
בֵּית־אֵל אוּנְד צְווִישֶׁען עַי, אַן דֶער
מַעֲרָב־זַייט פוּן דֶער שְׁטָאט:
13 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ גֶעטְהוּן
(אָנְבְּרֵייטֶען), דִיא גַאנְצֶע מַחֲנֶה וָואס
אִיז גֶעוֶועזֶען אַן דֶער צָפוֹן־זַייט פוּן
דֶער שְׁטָאט, אוּנְד דִיא לוֹירֶער אַן דֶער
מַעֲרָב־זַייט פוּן דֶער שְׁטָאט; אוּנְד
יְהוֹשֻׁעַ אִיז גֶעגַאנְגֶען דִיא דָאזִיגֶע נַאכְט
אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם טְהָאל:
14 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז דֶער
מֶלֶךְ פוּן עַי הָאט עֶס דֶערזֶעהֶען, אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעאֵיילְט, אוּנְד זֶענֶען
פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד דִיא
שְׁטָאט־לֵייט זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אַנְטקֶעגֶען יִשְׂרָאֵל צוּ דֶער מִלְחָמָה, עֶר
אוּנְד זַיין גַאנְץ פָאלְק, צוּ דֶער בֶּע־
שְׁטִימְטֶע צַייט פַאר דֶעם פְּלוֹין, אָבֶּער
עֶר הָאט נִיט גֶעווָאוּסְט אַז אַ לוֹירֶער
אִיז פַאר אִיהְם פֶערְהַאנְדֶען הִינְטֶער
דֶער שְׁטָאט:
15 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט פַאר זֵייא שְׁלָאגֶען,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען עֶנְטלָאפֶען אִין דֶער
מִדְבָּר אַרַיין:
16 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען אִין דֶער שְׁטָאט אִיז צוּזַאמֶען
גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען אַז זֵייא זָאלֶען זֵייא
נָאכְיָאגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען יְהוֹשֻׁעַ'ן
נָאכְגֶעיָאגְט, אוּנְד אַזוֹי זֶענֶען זֵייא פוּן
דֶער שְׁטָאט אַוֶועקְגֶערִיקְט גֶעוָוארֶען:
17 אוּנְד עֶס אִיז קֵיין מַאן אִיבֶּערְ־
גֶעבְּלִיבֶּען אִין עַי אוּנְד אִין בֵּית־אֵל
וָואס אִיז נִיט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְלָאזְט
דִיא שְׁטָאט אָפֶען, אוּנְד הָאבֶּען נָאכְ־
גֶעיָאגְט נָאךְ יִשְׂרָאֵל:
18 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ,
נֵייג מִיט דֶעם שְׁפִּיז וָואס אִיז אִין
דֵיינֶע הַאנְד קֶעגֶען עַי, וָוארִין אִיךְ
וֶועל זִיא גֶעבֶּען אִין דֵיינֶע הַאנְד, אַזוֹי
הָאט יְהוֹשֻׁעַ גֶענֵייגְט מִיט דֶעם שְׁפִּיז
וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין זַיינֶע הַאנְד
קֶעגֶען דֶער שְׁטָאט:
19 אַזוֹי זֶענֶען דִיא לוֹירֶערְס גֶעשְׁווִינְד
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן זֵייעֶר אָרְט, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען גֶעלָאפֶען אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט
גֶענֵייגְט זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא שְׁטָאט אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זִיא אֵיינְגֶענוּמֶען, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעאֵיילְט אוּנְד הָאבֶּען
אָנְגֶעצִינְדֶען דִיא שְׁטָאט מִיט פֵייעֶר:
20 אוּנְד וָוען דִיא מֶענֶער פוּן עַי
הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען, אוּנְד נוּן אַ רוֹיךְ אִיז אוֹיפְ־

גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער שְׁטָאט בִּיז צוּם
הִימֶעל, אוּנְד עֶס אִיז אִין זֵייא נִיט
גֶעוֶועזֶען קֵיין כֹּחַ הִיעֶר אָדֶער דָארְט
אַהִין צוּ עֶנְטְלוֹיפֶען, אוּנְד דָאס פָאלְק
וָואס אִיז (פְרִיעֶר) עֶנְטְלָאפֶען אִין דֶער
מִדְבָּר אַרֵיין הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
צוּ דִיא נָאכְיָאגֶערְס:
21 אוּנְד וֶוען יְהוֹשֻׁעַ אוּנְד כָּל יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז דִיא לוֹיעֶרְ'ס
הָאבֶּען דִיא שְׁטָאט אֵיינְגֶענוּמֶען, אוּנְד
אַז דֶער רוֹיךְ אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן
דֶער שְׁטָאט, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא צוּרִיקְ־
גֶעקֶעהְרְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען דִיא
מֶענֶער פוּן עַי:
22 אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען (אוֹיךְ) אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער שְׁטָאט זֵייא עֶנְטְ־
קֶעגֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין
דֶער מִיטֶען פוּן יִשְׂרָאֵל, עֶטְלִיכֶע פוּן
דִיא זֵייט אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן יֶענֶער
זֵייט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען
בִּיז עֶס אִיז צוּ זֵייא נִיט אִיבֶּערְגֶע־
בְּלִיבֶּען אֵיין אִיבֶּערבְּלֵייבוּנְג אָדֶער אֵיין
עֶנְטְרוּנֶענֶער:
23 אוּנְד דֶעם מֶלֶךְ פוּן עַי הָאבֶּען
זֵייא גֶעכַאפְּט לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעמַאכְט גֶענֶעהֶענְן
צוּ יְהוֹשֻׁעַ:
24 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען יִשְׂרָאֵל
הָאט פוֹלֶענְדְט צוּ עֶרְשְׁלָאגֶען אַלֶע
בֶּעוָואוֹינֶער פוּן עַי אוֹיף דֶעם פֶעלְד,
אִין דֶער מִדְבָּר וְואוּ אַהִין זֵייא הָאבֶּען
זֵייא נָאכְגֶעיָאגְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַלֶע
גֶעפַאלֶען דוּרְךְ דִיא שַׁארְף פוּן דֶעם
שְׁוֶוערְט, בִּיז זֵייא זֶענֶען גַאנְץ (פֶערְ־
נִיכְטֶעט), אַזוֹי הָאט זִיךְ גַאנְץ יִשְׂרָאֵל
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ עַי אוּנְד הָאבֶּען
זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דֶער שַׁארְף פוּן
דֶעם שְׁוֶוערְט:
25 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַז אַלֶע
וָואס זֶענֶען אַן דֶעם זֶעלְבִּיגֶען טָאג
גֶעפַאלֶען, פוּן מַאן בִּיז פְרוֹי, צְוֶועלְף
טוֹיזֶענְד, אַלֶע לֵייט פוּן עַי:
26 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט נִיט צוּרִיקְגֶע־
קֶעהְרְט זֵיינֶע הַאנְד וָואס עֶר הָאט
גֶענֵייגְט מִיט דֶעם שְׁפִּיז בִּיז עֶר הָאט
פֶערְוִויסְט (מַחֲרִים גֶעוֶועזֶען) אַלֶע
בֶּעוָואוֹינֶער פוּן עַי:
27 נוּר דִיא בְּהֵמוֹת אוּנְד דֶעם רוֹיב
פוּן דֶערְזֶעלְבִּיגֶע שְׁטָאט הָאט זִיךְ
יִשְׂרָאֵל גֶערוֹיבְּט, נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן
גָאט וָואס עֶר הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם
יְהוֹשֻׁעַ:
28 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט פֶערבְּרֶענְט עַי,
אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶעמַאכְט צוּ אֵיין
וִויסְטֶען הוֹיפֶען אוֹיף אֵייבִּיג, בִּיז צוּם
הֵיינְטִיגֶען טָאג:
29 אוּנְד דֶעם מֶלֶךְ פוּן עַי הָאט עֶר
אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען אוֹיף אַ בּוֹים, בִּיז
אַבֶּענְד־צֵייט, אוּנְד אַז דִיא זוּן אִיז
אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען הָאט יְהוֹשֻׁעַ גֶעבָּאטֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרוּפְּגֶענוּמֶען זֵיין
נְבֵלָה פוּן דֶעם בּוֹים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם אַהִין גֶעוָוארְפֶען בֵּייא דֶעם
אַרֵיינְגַיין (טִיר) פוּן דֶעם טְהָאר פוּן
דֶער שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיבֶּער
אִיהְם אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אַ גְרוֹיסֶען הוֹיפֶען
שְׁטֵיינֶער, בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג:
30 דֶערְנָאכְדֶעם הָאט יְהוֹשֻׁעַ גֶעבּוֹיט
אַ מִזְבֵּחַ צוּ דֶעם הַאר, דֶעם גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל, אוֹיף דֶעם בַּארְג עֵיבָל:
31 אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה, דֶער קְנֶעכְט פוּן
גָאט, הָאט גֶעבָּאטֶען דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען
אִין דֶעם סֵפֶר תּוֹרַת מֹשֶׁה, אַ מִזְבֵּחַ



פוּן

פון גאַנְצֶע שְׁטֵיינֶער אויף וֶועלְכֶע עֶס איז נִיט אויפְגֶעהויבֶען גֶעוָואָרֶען קֵיין אַייזֶען, אונְד זֵייא הָאבֶען אויפְגֶעבְּרַאכְט אויף אִיהְם בְּרַאנְד־אָפְּפֶער צוּ גָאט, אונְד זֵייא הָאבֶען גֶעשָׁאכְטֶען (שְׁלָמִים) פְרִיד־אָפְּפֶער:

32 אונְד עֶר הָאט דָארְטֶען אויפְגֶע־שְׁרִיבֶּען אויף דִיא שְׁטֵיינֶער אַן אָבְּשְׁרִיפְט (מִשְׁנֶה) פון תּוֹרַת מֹשֶׁה, וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען פַאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:

33 אונְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אונְד זֵיינֶע עֶלְטְסְטֶע, אונְד זֵיינֶע בֶּעאַמְטֶע (שֹׁטְרִים) אונְד זֵיינֶע שֹׁפְטִים זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פון דִיא זֵייט אונְד פון יֶענֶע זֵייט פון דֶעם אָרוֹן, קֶעגֶען דִיא כֹּהֲנִים, דִיא לְוִיִּם וָואס הָאבֶען גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן בְּרִית פון גָאט, דֶער פְרֶעמְדֶער (גֵר) אַזוֹי גוּט וִויא דֶער אֵיינְגֶעבּוֹירֶענֶער, אֵיין הֶעלְפְט אִיז גֶעוֶועזֶען קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶעם בַּארְג גְרִיזִים, אונְד דִיא אַנְדֶערֶע הֶעלְפְט קֶעגֶען דֶעם בַּארְג עֵיבָל, אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה, דֶער קְנֶעכְט פון גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דָאס פָאלְק יִשְׂרָאֵל צוּ בֶּענְשֶׁען, צוּם עֶרְשְׁטֶען:

34 אונְד נָאכְדֶעם הָאט עֶר פָארְגֶעלֵיינְט אַלֶע וֶוערְטֶער פון דֶער תּוֹרָה, דִיא בְּרָכָה אונְד דִיא קְלָלָה, אַלֶעס אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם סֵפֶר תּוֹרָה:

35 עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אֵיין וָוארְט פון אַלֶעם וָואס מֹשֶׁה הָאט גֶעבָּאטֶען, וָואס יְהוֹשֻׁעַ הָאט נִיט גֶעלֵיינְט פַאר דֶער גַאנְצֶען פֶערְזַאמְלוּנְג פון יִשְׂרָאֵל, אונְד פַאר דִיא וֵוייבֶּער אונְד דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אונְד פַאר דֶעם (גֵר) פְרֶעמְדֶען וָואס אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען צְווִישֶׁען זֵייא:

## קאַפּיטעל ט

1 אונְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז אַלֶע מְלָכִים וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אויף דֶער אַנְדֶערֶע זֵייט יַרְדֵן, הָאבֶּען גֶעהֶערְט אִין דֶעם גֶעבִּירְג אונְד אִים נִידֶערִיגֶען (טְהָאל), אונְד אִים גַאנְצֶען בָּארְטֶען פון דֶעם גְרוֹיסֶען יָם, קֶעגֶען אִיבֶּער דֶעם לְבָנוֹן, דֶער חִתִּי, אונְד דֶער אֱמוֹרִי, דֶער כְּנַעֲנִי, דֶער פְּרִזִּי, דֶער חִוִּי אונְד דֶער יְבוּסִי:

2 אַזוֹי הָאבֶען זֵייא זִיךְ צוּזַאמֶען פֶערְזַאמֶעלְט מִלְחָמָה צוּהַאלְטֶען מִיט יְהוֹשֻׁעַ אונְד מִיט יִשְׂרָאֵל, (וִויא) מִיט אֵיין מוֹיל (אָדֶער אֵיינֶע חַבְרוּתָא):

3 אונְד וֶוען דִיא בֶּעוָואוֹינֶער פון גִבְעוֹן הָאבֶען גֶעהֶערְט דָאס וָואס יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעטְהוּן צוּ יְרִיחוֹ אונְד צוּ עַי:

4 אַזוֹי הָאבֶען זֵייא אויךְ גֶעטְהוּן מִיט שְׁאלְקְהֵייט, אונְד זֵייא זֶענֶען אַהִינְ־גֶעגַאנְגֶען אונְד הָאבֶען זִיךְ פָארְגֶע־שְׁטֶעלְט אַז זֵייא זֶענֶען שְׁלוּחִים, אונְד זֵייא הָאבֶען זִיךְ גֶענוּמֶען פֶערְפוֹילְטֶע זֶעק צוּ זֵיירֶע אֵייזֶעלְן, אונְד פֶערְפוֹילְטֶע וַויין לָאגֶעלְן, צֶערִיסֶענֶע אונְד צוּ־זַאמֶענְגֶעבִּנְדֶענֶע:

5 אונְד פֶערְפוֹילְטֶע אונְד גֶעפְלִיקְטֶע שִׁיךְ אויף זֵיירֶע פִּיס, אונְד פֶערְפוֹילְטֶע קְלֵיידֶער אִיז אויף זֵייא גֶעוֶועזֶען, אונְד דָאס גַאנְצֶע בְּרוֹיט פַאר זֵיירֶע צֶעהְרוּנְג אִיז גֶעוֶועזֶען פֶערְדַארְט אונְד פֶערְ־שִׁימֶעלְט:

6 אונְד זֵייא זֶענֶען צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ יְהוֹשֻׁעַ צוּ דֶער מַחֲנֶה נָאךְ גִלְגָל, אונְד זֵייא הָאבֶען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט אונְד צוּ דִיא מֶענֶער פון יִשְׂרָאֵל, פון אַ וַוייטֶען לַאנְד זֶענֶען מִיר גֶעקוּמֶען, אונְד אַצוּנְד מַאךְ מִיט אוּנְס אַ בְּרִית:

אונד

7 אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
גֶעזָאגְט צוּ דֶעם חִוִי, טָאמֶער ווְאוינְסְט
דוּא צְווִישֶׁען מִיר, אוּנְד וִויא אַזוֹי זָאל
אִיךְ מִיט דִיר כּוֹרֵת בְּרִית זַיין ?
8 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ
יְהוֹשֻׁעַ, מִיר זֶענֶען דַיינֶע קְנֶעכְט ; אַזוֹי
הָאט יְהוֹשֻׁעַ גֶעזָאגְט צוּ זַייא, וֶוער זַייט
אִיהְר ? אוּנְד פוּן וַואנֶען קוּמְט אִיהְר ?
9 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דַיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן אַ
זַייעֶר וַוייט לַאנְד, צוּ דֶעם נָאמֶען פוּן
דֶעם הַאר דַיין גָאט, ווָארִין מִיר הָאבֶּען
גֶעהֶערְט זַיין הֶערוּנְג, אוּנְד אַלֶעס
וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן אַן מִצְרַיִם :
10 אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן
צוּ דִיא צְווייא מְלָכִים פוּן אֱמוֹרִי וָואס
אִיז אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זַייט יַרְדֵן ; צוּ
סִיחוֹן מֶלֶךְ פוּן חֶשְׁבּוֹן, אוּנְד צוּ עוֹג
מֶלֶךְ פוּן בָּשָׁן וָואס אִיז (גֶעוֶועזֶען) אִין
עַשְׁתָּרוֹת :
11 אוּנְד אוּנְזֶערֶע עֶלְטְסְטֶע אוּנְד אַלֶע
בֶּעווְאוינֶער פוּן אוּנְזֶער לַאנְד הָאבֶּען
צוּ אוּנְס גֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, נֶעמְט
אִין אֵיירֶע הֶענְד צֶעהְרוּנְג אוֹיף דֶעם
וֶועג, אוּנְד גֵייט זַייא עֶנְטְקֶעגֶען, אוּנְד
אִיהְר זָאלְט צוּ זַייא זָאגֶען, מִיר זֶענֶען
אֵיירֶע קְנֶעכְט, אוּנְד אַצוּנְד מַאכְט מִיט
אוּנְס אַ בְּרִית :
12 דָאס דָאזִיגֶע אוּנְזֶער בְּרוֹיט הָאבֶּען
מִיר וַוארְמֶערְהֵייט אַלְס צֶעהְרוּנְג פוּן
אוּנְזֶערֶע הַייזֶער (מִיטְגֶענָאמֶען) אַן דֶעם
טָאג וֶוען מִיר זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען,
אוּם צוּ אַייךְ צוּ גֵיין, אוּנְד אַצוּנְד,
זֶעהְט, עֶס אִיז פֶערְדַארְט אוּנְד
פֶערְשִׁימֶעלְט :
13 אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען דִיא ווַיין-לָאגֶעלְן,
וָואס מִיר הָאבֶּען אָנְגֶעפִּילְט נֵייא,
אוּנְד זֶעהְט, זַייא זֶענֶען צוּשְׁפָּאלְטֶען
גֶעווָארֶען ; אוּנְד דָאס זֶענֶען אוּנְזֶערֶע
קְלֵיידֶער אוּנְד אוּנְזֶערֶע שִׁיךְ, זַייא
זֶענֶען פֶערְפוֹילְט פוּן וֶועגֶען דֶעם זֶעהְר
גְרוֹיסֶען וֶועג :
14 אוּנְד דִיא מֶענֶער הָאבֶּען גֶענוּמֶען
פוּן זַיירֶע שְׁפֵּייז, אָבֶּער דִיא רֵייד פוּן
גָאט הָאבֶּען זַייא נִיט נָאכְגֶעפְרֶעגְט :
15 אַזוֹי הָאט יְהוֹשֻׁעַ מִיט זַייא שָׁלוֹם
גֶעמַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט מִיט זַייא
כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען אַז עֶר וֶועט זַייא
לָאזֶען לֶעבֶּען, אוּנְד דִיא נְשִׂיאִים פוּן
דֶער גֶעמֵיינְדֶע (עֵדָה) הָאבֶּען צוּ זַייא
גֶעשְׁוָוארֶען :
16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַם עֶנְד
פוּן דְרֵייא טֶעג, נָאכְדֶעם אַז זַייא
הָאבֶּען מִיט זַייא כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען,
הָאבֶּען זַייא גֶעהֶערְט אַז זַייא זֶענֶען
נָאהֶענְט צוּ זַייא, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
צְווִישֶׁען זַייא גֶעווְאוינְט :
17 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען
אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען אָנְגֶע־
קוּמֶען צוּ זַיירֶע שְׁטֶעט אַן דֶעם דְרִיטֶען
טָאג ; אוּנְד זַיירֶע שְׁטֶעט (זֶענֶען גֶעוֶ־
ועזֶען) גִבְעוֹן, אוּנְד כְּפִירָה, אוּנְד
בְּאֵרוֹת, אוּנְד קִרְיַת יְעָרִים :
18 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
זַייא נִיט גֶעשְׁלָאגֶען, וָוארִין דִיא נְשִׂיאִים
פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע הָאבֶּען צוּ זַייא
גֶעשְׁוָוארֶען בֵּייא דֶעם הַאר, דֶעם גָאט
פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי הָאט דִיא גַאנְצֶע
עֵדָה גֶעמוּרְמֶעלְט אִיבֶּער דִיא נְשִׂיאִים :
19 אוּנְד אַלֶע נְשִׂיאִים הָאבֶּען גֶעזָאגְט
צוּ דֶער גַאנְצֶען עֵדָה, מִיר הָאבֶּען צוּ
זַייא גֶעשְׁוָוארֶען בֵּייא דֶעם הַאר, דֶעם
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד אַצוּנְד קֶענֶען
מִיר זַייא נִיט אָנְרִירֶען :



דאס

20 דאס דאָזיגע וועלען מיר צו זייא
טהון אונד וועלען זייא לאָזען לעבען,
אז עס זאָל ניט זיין אויף אונס קיין
צאָרן, וועגען דער שבועה וואס מיר
האָבען צו זייא געשוואָרען:
21 אונד דיא נשיאים האָבען צו זייא
געזאָגט, זייא זאָלען בלייבען לעבען,
אונד זייא זענען געוואָרען האָלץ
האַקערס אונד וואַסער שעפּערס צו
דער גאַנצען עדה אזוי וויא דיא נשיאים
האָבען צו זייא גערעדט:
22 אונד יהושע האט צו זייא גער-
רופען, אונד האט צו זייא גערעדט,
אזוי צו זאָגען, פאר וואס האָט איהר
אונס געגאַרט אונד געזאָגט, מיר זענען
זעהר ווייט פון איך, אונד (דאָך)
וואוינט איהר צווישען אונס?
23 אונד אצונד זאָלט איהר זיין
פערשאָלטען, אונד עס זאָל ניט פון
איך פערשניטען ווערען (אויפהערען)
א קנעכט, אונד א האָלץ האַקער
אונד א וואַסער שעפּער צו דעם הויז
פון מיין גאָט:
24 אונד זייא האָבען דעם יהושע
געענטפערט אונד געזאָגט, וואָרין עס
איז צו דיינע קנעכט אנגעזאָגט גער-
וואָרען אז דער האר, דיין גאָט האָט
געבאָטען צו משה זיין קנעכט, צו
איך צו געבען דאס גאַנצע לאַנד,
אונד דיא איינוואוינער פון דעם לאַנד
צו פערטילגען פאר איך, אזוי האָבען
מיר זעהר מורא געהאט פאר איך
וועגען אונזער לעבען, דארום האָבען
מיר דיא דאָזיגע זאַך געטהון:
25 אונד אצונד, זעה, מיר זענען אין
דיינע האַנד, וואס עס איז גוט אונד
רעכט אין דיינע אויגען צו אונס צו
טהון, טהוא:
26 אונד ער האט צו זייא אזוי
געטהון, אונד ער האט זייא מציל
געוועזען פון דער האַנד פון דיא
קינדער ישראל, אונד זייא האָבען זייא
ניט געהרגט:
27 אונד יהושע האט זייא אן דעמ-
זעלביגען טאָג אנגעשטעלט אלס האָלץ
האַקערס אונד וואַסער שעפּערס צו
דער עדה, אונד צו דעם מזבח פון
גאָט ביז אויף דעם היינטיגען טאָג,
אן דעם אָרט וואס ער וועט אויסער-
ווייילען:

## קאפיטעל י

1 אונד עס איז געוועזען ווען אדני
צדק, מלך פון ירושלם, האט געהערט
אז יהושע האט איינגענומען עי, אונד
האט זיא אין חרם געלייגט — אזוי וויא
ער האט געטהון צו יריחו אונד צו
איהר מלך, אזוי האט ער געטהון צו
עי אונד צו איהר מלך, — אונד אז דיא
בעוואוינער פון גבעון האָבען שלום
געמאַכט מיט ישראל, אונד (אז) זייא
זענען צווישען זייא:
2 אזוי האָבען זייא זעהר מורא
געהאט, וואָרין גבעון איז געוועזען א
גרויסע שטאָט, אזוי וויא איינע פון
דיא רעגירונגס שטעט, אונד זיא וואר
נאָך גרעסער וויא עי, אונד אלע
איהרע מענער זענען געוועזען שטארק
(גבורים):
3 אזוי האט אדני צדק דער מלך פון
ירושלם אהין געשיקט צו הוהם מלך
פון חברון, אונד צו פראם מלך פון
ירמות, אונד צו יפיע מלך פון לכיש,
אונד צו דביר מלך פון עגלון, אזוי
צו זאָגען:

4 קומט אַרויף צו מיר אונד העלפט
מיר, אונד לאָמער שלאָגען גבעון,
וואָרין זיא האָט געמאַכט שלום מיט
יהושע אונד דיא קינדער ישראל:
5 אונד זייא האָבען זיך פערזאַמעלט
אונד זייא זענען אַרויפגעגאַנגען, דיא
פינף מלכים פון אמורי, דער מלך פון
ירושלם, דער מלך פון חברון, דער
מלך פון ירמות, דער מלך פון לכיש,
דער מלך פון עגלון, זייא אונד זייערע
גאַנצע מחנות, אונד זייא האָבען זיך
געלאַגערט בייא גבעון אונד האָבען
מיט איהר מלחמה געהאַלטען:
6 אונד דיא לייטע פון גבעון האָבען
געשיקט צו יהושע צו דער מחנה אין
גלגל, אַזוי צו זאָגען, דוא זאָלסט ניט
צוריק ציהען דיינע האַנד פון דיינע
קנעכט, קום געשווינד אַרויף צו אונס
אונד העלף אונס, אונד זייא אונזערע
הילפע, וואָרין עס האָבען זיך קעגען
אונס פערזאַמעלט אַלע מלכים פון
דעם אמורי וואָס וואוינען אויף דעם
געבערג:
7 אונד יהושע איז אַרויפגעגאַנגען
פון גלגל, ער אונד דאָס גאַנצע
מלחמה־פאָלק מיט איהם, אונד אַלע
שטאַרקע העלדען:
8 אונד גאָט האָט געזאָגט צו יהושע,
דוא זאָלסט פאַר זייא קיין מורא האָבען,
וואָרין איך האָב זייא געגעבען אין
דיינע האַנד, קיין מאַן פון זייא וועט
ניט קענען בעשטיין פאַר דיר:
9 אַזוי איז יהושע פּלוצלינג צו זייא
געקומען, ער איז דיא גאַנצע נאַכט
אַרויפגעגאַנגען פון גלגל:
10 אונד גאָט האָט זייא פערטומעלט
פאַר ישראל, אונד זייא האָבען זייא
געשלאָגען מיט אַ גרויסען שלאַק אין
גבעון; אונד זייא האָבען זייא נאָכ־
געיאָגט אין דעם וועג וואו מען גייט
אַרויף נאָך בית־חורן, אונד זייא האָבען
זייא געשלאָגען ביז עזקה אונד ביז מקדה:
11 אונד עס איז געוועזען אַז זייא
זענען אַוועקגעלאָפען פאַר ישראל אונד
זייא זענען געוועזען אין דעם אַרונטער־
נידערען פון בית־חורן, אַזוי האָט גאָט
אויף זייא געוואָרפען גרויסע שטיינער
פום הימעל ביז (זייא זענען געקומען)
נאָך עזקה, אונד זייא זענען גע־
שטאָרבען; מעהר זענען געשטאָרבען
דורך דיא האָגעל־שטיינער, וויא דיא
וואָס דיא קינדער ישראל האָבען גע־
הרגת מיט דעם שווערט:
12 דענסטמאָל האָט יהושע גערעט
צו גאָט, אין דעם טאָג ווען גאָט האָט
געגעבען דעם אמורי פאַר דיא קינדער
ישראל, אונד ער האָט געזאָגט פאַר
דיא אויגען פון ישראל, אָ זון, שטייא
שטיל אין גבעון, אונד אָ לבנה אין
דעם טהאָל אַילון!
13 אונד דיא זון איז שטיל געבליבען,
אונד דיא לבנה איז שטיין געבליבען
ביז דאָס פאָלק האָט זיך נוקם געוועזען
אין זייערע פיינד; איז דאָס ניט איינ־
געשריבען אין דעם ספר הישר? אונד
דיא זון איז געבליבען שטיין אין דעם
האַלבען הימעל, אונד האָט זיך ניט
געאיילט אונטער צו גיין אין ערך פון
אַ גאַנצען טאָג:
14 אונד עס איז ניט געוועזען אַזוי
וויא דיזער טאָג, פאַר איהם אָדער
נאָך איהם אַז גאָט זאָל צוהערען צו
דער שטים פון אַ מאַן, וואָרין גאָט
האָט מלחמה געהאַלטען פאַר ישראל:

15 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל מִיט אִיהְם, צוּ דֶער
מַחֲנֶה נָאךְ גִלְגָל:
16 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע פִינְף מְלָכִים
זֶענֶען עֶנְטְלָאפֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אִין אַ הֵייל אִין מַקֵּדָה:
17 אוּנְד עֶס אִיז צוּ יְהוֹשֻׁעַ אָנְגֶעזָאגְט
גֶעוָוארֶען, אַז עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ פִינְף
מְלָכִים, וָואס הָאבֶּען זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען
אִין אַ הֵייל אִין מַקֵּדָה:
18 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט, וַואלְ־
גֶערְט אַרוֹיף גְרוֹיסֶע שְׁטֵיינֶער אוֹיף
דֶעם מוֹיל (עֶפְנוּנְג) פוּן דֶער הֵייל,
אוּנְד בֶּעפֶעהְלְט אוֹיף אִיהְר מֶענֶער
זַייא צוּ הִיטֶען:
19 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט בְּלֵייבֶּען
שְׁטֵיין, יָאגְט נָאךְ אֵיירֶע פֵיינְד, אִיהְר
זָאלְט טוֹיט שְׁלָאגֶען דִיא וָואס זֶענֶען
אַם עֶנְד פוּן דֶער מַחֲנֶה, אוּנְד אִיהְר
זָאלְט זַייא נִיט לָאזֶען אַרֵיינְקוּמֶען אִין
זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט, וָוארִין דֶער הַאר אֵייעֶר
גָאט הָאט זַייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין
אֵיירֶע הֶענְד אַרֵיין:
20 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז יְהוֹשֻׁעַ
אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
פָאלֶענְדְט זַייא צוּ שְׁלָאגֶען מִיט אַ זֶעהְר
גְרוֹיסֶען שְׁלַאק, בִּיז זַייא זֶענֶען גַאנְץ
פֶערְטִילִיגְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
אִין דִיא פֶעסְטֶע שְׁטֶעט:
21 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט זִיךְ
אוּמְגֶעקֶעהְרְט בְּשָׁלוֹם צוּ דֶער מַחֲנֶה
צוּ יְהוֹשֻׁעַ נָאךְ מַקֵּדָה, קֵיינֶער הָאט
קֶענֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, (נִיט) צוּ
אֵיין מַאן, זֵיינֶע צוּנְג גֶעשַׁארְפְט:
22 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט, מַאכְט
אוֹיף דָאס מוֹיל פוּן דֶער הֵייל, אוּנְד
בְּרֶענְגְט אַרוֹיס צוּ מִיר דִיא דָאזִיגֶע
פִינְף מְלָכִים פוּן דֶער הֵייל:
23 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטְהוּן,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם אַרוֹיסְ־
גֶעבְּרֶענְגְט דִיא דָאזִיגֶע פִינְף מְלָכִים
פוּן דֶער הֵייל, דֶעם מֶלֶךְ פוּן יְרוּשָׁלַיִם,
דֶעם מֶלֶךְ פוּן חֶבְרוֹן, דֶעם מֶלֶךְ פוּן
יַרְמוּת, דֶעם מֶלֶךְ פוּן לָכִישׁ, דֶעם מֶלֶךְ
פוּן עֶגְלוֹן:
24 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז זַייא
הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט דִיא דָאזִיגֶע
מְלָכִים צוּ יְהוֹשֻׁעַ, אַזוֹי הָאט יְהוֹשֻׁעַ
גֶערוּפֶען צוּ יֶעדֶען מַאן פוּן יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע מִלְחָמָה לֵייט וָואס זֶענֶען
מִיט גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהְם, גֶענֶעהֶנְט
אֵייךְ, אוּנְד טְהוּט אֵיירֶע פִיס אוֹיף דִיא
הֶעלְזֶער פוּן דִיא דָאזִיגֶע מְלָכִים; אוּנְד
זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהֶנְט, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אַרוֹיפְגֶעטְהוּן זֵייעֶרֶע פִיס אוֹיף
זֵייעֶרֶע הֶעלְזֶער:
25 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
אִיהְר זָאלְט קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען,
אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט עֶרְשְׁרֶעקֶען,
שְׁטַארְקְט אֵייךְ אוּנְד זַייט קְרֶעפְטִיג,
וָוארִין אַזוֹי וֶועט גָאט טְהוּן צוּ אַלֶע
אֵיירֶע פֵיינְדֶע מִיט וֶועלְכֶע אִיהְר וֶועט
מִלְחָמָה הַאלְטֶען:
26 אַזוֹי הָאט זַייא יְהוֹשֻׁעַ דֶערְנָאךְ
גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד הָאט זַייא גֶעטֵייטֶעט;
אוּנְד עֶר הָאט זַייא אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען
אוֹיף פִינְף בֵּיימֶער, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעהָאנְגֶען אוֹיף דִיא בֵּיימֶער בִּיז
אָבֶענְד:
27 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ דֶער
צֵייט אַז דִיא זוּן גֵייט אוּנְטֶער, הָאט
יְהוֹשֻׁעַ גֶעבָּאטֶען, אוּנְד מֶען הָאט זַייא


ארופגענומען

אַרוּפְגֶענוּמֶען פוּן דִיא בֵּיימֶער, אוּנְד מֶען הָאט זֵייא אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין דִיא הֵייל ווָאוּ זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דָארְט בֶּעהַאלְטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרוּיפְגֶעלֵייגְט גְרוֹיסֶע שְׁטֵיינֶער אוֹיף דֶעם מוֹיל פוּן דֶער הֵייל, בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃

28 אוּנְד מַקֵדָה הָאט יְהוֹשֻׁעַ אֵיינְגֶענוּמֶען אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶעשְׁלָאגֶען דוּרְךְ דִיא שַׁארְפֶע פוּן דֶעם שְׁווֶערְט, אוּנְד אִיהְר מֶלֶךְ, עֶר הָאט זֵייא פֶערְווִיסְט, אוּנְד אַלֶע נְפָשׁוֹת ווָאס זֶענֶען אִין אִיהְר גֶעוֶועזֶען, עֶר הָאט נִיט גֶעלָאזְט קֵיין אִיבֶּערבְּלֵייבּוּנְג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּם מֶלֶךְ פוּן מַקֵדָה אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּם מֶלֶךְ פוּן יְרִיחוֹ׃

29 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ אִיז אִיבֶּערְגֶעפָאהְרֶען, אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל מִיט אִיהְם פוּן מַקֵדָה נָאךְ לִבְנָה, אוּנְד הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט לִבְנָה׃

30 אוּנְד גָאט הָאט אוֹיךְ זִיא גֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיהְר מֶלֶךְ, אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶעשְׁלָאגֶען דוּרְךְ דִיא שַׁארְפֶע פוּן דֶעם שְׁווֶערְט, אוּנְד אַלֶע נְפָשׁוֹת ווָאס זֶענֶען אִין אִיהְר גֶעוֶועזֶען, עֶר הָאט אִין אִיהְר נִיט גֶעלָאזְט קֵיין אִיבֶּערבְּלֵייבּוּנְג; עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ אִיהְר מֶלֶךְ אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּם מֶלֶךְ פוּן יְרִיחוֹ׃

31 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ אִיז אִיבֶּערְגֶעפָאהְרֶען אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל מִיט אִיהְם, פוּן לִבְנָה נָאךְ לָכִישׁ, אוּנְד הָאט זִיךְ בֵּייא אִיהְר גֶעלַאגֶערְט, אוּנְד הָאט מִיט אִיהְר מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען׃

32 אוּנְד גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען לָכִישׁ אִין דִיא הַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט זִיא אִין דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אֵיינְגֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט זִיא גֶעשְׁלָאגֶען דוּרְךְ דִיא שַׁארְפֶע פוּן דֶעם שְׁווֶערְט, אוּנְד אַלֶע נְפָשׁוֹת ווָאס זֶענֶען אִין אִיהְר גֶעוֶועזֶען, גַאנְץ אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ לִבְנָה׃

33 דֶענְסְטְמָאל אִיז אַרוּיפְגֶעגַאנְגֶען הוֹרָם מֶלֶךְ פוּן גֶזֶר צוּ הֶעלְפֶען דֶעם לָכִישׁ, אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד זֵיין פָאלְק, בִּיז עֶס אִיז נִיט צוּ אִיהְם גֶעבְּלִיבֶּען קֵיין אִיבֶּערבְּלֵייבּוּנְג׃

34 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ אִיז אִיבֶּערְגֶעפָאהְרֶען, אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל מִיט אִיהְם, פוּן לָכִישׁ נָאךְ עֶגְלוֹן, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ בֵּייא אִיהְר גֶעלַאגֶערְט, אוּנְד מִיט אִיהְר מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען׃

35 אוּנְד עֶר הָאט זִיא אֵיינְגֶענוּמֶען אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, אוּנְד הָאט זִיא גֶעשְׁלָאגֶען דוּרְךְ דִיא שַׁארְפֶע פוּן דֶעם שְׁווֶערְט, אוּנְד אַלֶע נְפָשׁוֹת ווָאס זֶענֶען אִין אִיהְר גֶעוֶועזֶען, אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג הָאט עֶר (זֵייא) פֶערְווִיסְט, גַאנְץ אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ לָכִישׁ׃

36 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ אִיז אַרוּיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל מִיט אִיהְם פוּן עֶגְלוֹן נָאךְ חֶבְרוֹן, אוּנְד הָאט מִיט אִיהְר מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען׃

37 אוּנְד עֶר הָאט זִיא אֵיינְגֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט זִיא גֶעשְׁלָאגֶען דוּרְךְ דִיא שַׁארְפֶע פוּן דֶעם שְׁווֶערְט, אוּנְד אִיהְר מֶלֶךְ, אוּנְד אַלֶע אִיהְרֶע שְׁטֶעט, אוּנְד אַלֶע נְפָשׁוֹת ווָאס זֶענֶען אִין אִיהְר גֶעוֶועזֶען, עֶר הָאט נִיט גֶעלָאזְט קֵיין אִיבֶּערבְּלֵייבּוּנְג, גַאנְץ אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ עֶגְלוֹן, עֶר הָאט זִיא

פֶּערְוִויסְט, אוּנְד אַלֶע נְפָשׁוֹת וָואס
זֶענֶען אִין אִיהָר גֶעוֶועזֶען :
38 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל מִיט אִיהְם
נָאךְ דְבִיר, אוּנְד עֶר הָאט מִיט אִיהְר
מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען :
39 אוּנְד עֶר הָאט זִיא אַיינְגֶענוּמֶען,
אוּנְד אִיהְר מֶלֶךְ, אוּנְד אַלֶע אִיהְרֶע
שְׁטֶעט, אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶעשְׁלָאגֶען
דוּרְךְ דִיא שַׁארְפֶע פוּן דֶעם שְׁוֶוערְט,
אוּנְד הָאבֶּען פֶּערְוִויסְט אַלֶע נְפָשׁוֹת
וָואס זֶענֶען אִין אִיהְר גֶעוֶועזֶען, עֶר
הָאט נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט קֵיין אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעטְהוּן
צוּ חֶבְרוֹן, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעטְהוּן צוּ
דְבִיר אוּנְד צוּ אִיהְר מֶלֶךְ, אוּנְד אַזוֹי
וִויא עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ לִבְנָה אוּנְד
צוּ אִיהְר מֶלֶךְ :
40 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דָאס
גַאנְצֶע לַאנְד פוּן דֶעם גֶעבַּארְג, אוּנְד
פוּן דָרוֹם זַייט, אוּנְד פוּן דֶעם טְהָאל,
אוּנְד דִיא אָפְּגֶעהְמוּנְג, אוּנְד אַלֶע
זַיירֶע מְלָכִים, עֶר הָאט נִיט גֶעלָאזְט
קֵיין אִיבֶּערבְּלֵייבּוּנְג, אוּנְד אַלֶע נְשָׁמוֹת
הָאט עֶר פֶּערְוִויסְט, אַזוֹי וִויא דֶער
הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט
גֶעבָּאטֶען :
41 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט זַייא גֶעשְׁלָאגֶען
פוּן קָדֵשׁ בַּרְנֵעַ בִּיז נָאךְ עַזָה, אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע לַאנְד פוּן גוֹשֶׁן אוּנְד בִּיז
נָאךְ גִבְעוֹן :
42 אוּנְד אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע מְלָכִים
אוּנְד זַייעֶר לַאנְד הָאט יְהוֹשֻׁעַ מִיט
אֵיין מָאל אַיינְגֶענוּמֶען, וָוייל דֶער הַאר,
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט מִלְחָמָה
גֶעהַאלְטֶען פַאר יִשְׂרָאֵל :
43 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל מִיט אִיהְם
צוּ דֶער מַחֲנֶה נָאךְ גִלְגָל :

קאפיטעל יא

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען יָבִין,
דֶער מֶלֶךְ פוּן חָצוֹר הָאט דָאס גֶעהֶערְט,
אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט צוּ יוֹבָב, מֶלֶךְ
פוּן מָדוֹן, אוּנְד צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן שִׁמְרוֹן,
אוּנְד צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן אַכְשָׁף :
2 אוּנְד צוּ דִיא מְלָכִים וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען, פוּן צָפוֹן זַייט אוֹיף דֶעם
גֶעבֶּערְג, אוּנְד אִין דֶעם פְּלוֹין אִין
דָרוֹם זַייט פוּן כִּנְרוֹת, אוּנְד אִים טְהָאל,
אוּנְד אִין נָפוֹת דוֹר פוּן מַעֲרָב זַייט :
3 צוּ דֶעם כְּנַעֲנִי פוּן מִזְרַח זַייט אוּנְד
מַעֲרָב זַייט, אוּנְד צוּם אֶמוֹרִי, אוּנְד
חִתִּי, אוּנְד פְּרִזִי, אוּנְד יְבוּסִי אוֹיף
דֶעם גֶעבֶּערְג ; אוּנְד צוּ דֶעם חִוִי אוּנְטֶער
חֶרְמוֹן אִין דֶעם לַאנְד פוּן מִצְפָּה :
4 אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען,
זַייא אוּנְד זַיירֶע גַאנְצֶע מַחֲנוֹת מִיט
זַייא, פִיל פָאלְק, אַזוֹי וִויא דֶער זַאנְד
וָואס אִיז אַם בָּארְטֶען פוּן דֶעם יַם, אוּנְד
אוֹיךְ זֶעהְר פִיל פֶערְד אוּנְד רֵייטְוֶועגֶען :
5 אוּנְד אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע מְלָכִים
הָאבֶּען זִיךְ אַיינְגֶעזַאמֶעלְט, אוּנְד זַייא
זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ
צוּזַאמֶען גֶעלַאגֶערְט בֵּייא דֶעם וַואסֶער
מֵרוֹם, אוּם מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט
יִשְׂרָאֵל :
6 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ,
דוּא זָאלְסְט פַאר זַייא נִיט מוֹרָא
הָאבֶּען, וָוארִין מָארְגֶען אוּם דִיזֶע צֵייט
וֶועל אִיךְ זַייא אַלֶע גֶעבֶּען אַלְס דֶערְשְׁלָאגֶענֶע פַאר יִשְׂרָאֵל, זַיירֶע פֶערְד
זָאלְסְט דוּא פֶערְטִילְגֶען, אוּנְד זַיירֶע
רֵייטְוֶועגֶען זָאלְסְט דוּא פֶערבְּרֶענֶען
מִיט פַייעֶר :

7 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ אוּנְד דָאס גַאנְצֶע
מִלְחָמָה פָאלְק זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶע־
קוּמֶען אִיבֶּער זֵייא, בֵּייא דֶעם וַואסֶער
מֵרוֹם, פְּלוּצְלִינְג, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זֵייא אִיבֶּערְפַאלֶען:
8 אוּנְד דֶער הַאר (גָאט) הָאט זֵייא
גֶעגֶעבֶּען אִין דֶער הַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא נָאכְגֶעיָאגְט בִּיז
נָאךְ צִידוֹן דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט, אוּנְד
בִּיז נָאךְ מִשְׂרְפוֹת מַיִם, אוּנְד בִּיז נָאךְ
דֶעם טְהָאל מִצְפֶּה אַן דֶער מִזְרַח זֵייט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען, בִּיז
עֶס אִיז צוּ זֵייא קֵיין אִיבֶּערְבְּלֵייבוּנְג
נִיט גֶעבְּלִיבֶּען:
9 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעטְהוּן
אַזוֹי וִויא גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
זֵייעֶרֶע פֶערְד הָאט עֶר פֶערְטִילְגְט, אוּנְד
זֵייעֶרֶע רֵייטְוָועגֶען הָאט עֶר מִיט פֵייעֶר
פֶערבְּרֶענְט:
10 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט זִיךְ אִין דֶער
דָאזִיגֶער צֵייט אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד
הָאט אֵיינְגֶענוּמֶען חָצוֹר, אוּנְד אִיהְר
מֶלֶךְ הָאט עֶר דֶערשְׁלָאגֶען מִיט דֶעם
שְׁוֶוערְט, וָוארִין חָצוֹר אִיז פְרִיהֶר גֶע־
וֶועזֶען דִיא הוֹיפְּטשְׁטָאט פוּן אַלֶע דִיא
דָאזִיגֶע קֶענִיגְרֵייכֶע:
11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען אַלֶע
נְפָשׁוֹת וָואס זֶענֶען דְרִינֶען גֶעוֶועזֶען,
דוּרְךְ דִיא שַׁארְפֶע פוּן דֶעם שְׁוֶוערְט
הָאט עֶר זֵייא פֶערְווִיסְט, עֶס אִיז קֵיינֶע
נְשָׁמָה אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד חָצוֹר
הָאט עֶר פֶערבְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר:
12 אוּנְד אַלֶע שְׁטֶעט פוּן דִיזֶע מְלָכִים,
אוּנְד אַלֶע זֵייעֶרֶע מְלָכִים הָאט יְהוֹשֻׁעַ
אֵיינְגֶענוּמֶען אוּנְד הָאט זֵייא דֶערְ־
שְׁלָאגֶען, דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְט הָאט עֶר
זֵייא פֶערְווִיסְט, אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה דֶער
קְנֶעכְט פוּן גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען:
13 נֵייעֶרְט אַלֶע שְׁטֶעט וָואס זֶענֶען
שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען מִיט אִיהְרֶע מוֹיעֶרְן,
זֵייא הָאבֶּען דִיא יִשְׂרָאֵל נִיט פֶער־
בְּרֶענְט, נֵייעֶרְט חָצוֹר אַלֵיין הָאט
יְהוֹשֻׁעַ פֶערבְּרֶענְט:
14 אָבֶּער דֶען גַאנְצֶען רוֹיב פוּן דִיא
דָאזִיגֶע שְׁטֶעט, אוּנְד דִיא בְּהֵמוֹת
הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פַאר
זִיךְ גֶערוֹיבְּט, נֵייעֶרְט אַלֶע מֶענְשֶׁען
הָאבֶּען זֵייא דֶערשְׁלָאגֶען דוּרְךְ דִיא
שַׁארְפֶע פוּן דֶעם שְׁוֶוערְט בִּיז זֵייא
הָאבֶּען זֵייא פֶערְטִילְגְט, זֵייא הָאבֶּען
קֵיינֶע נְשָׁמָה נִיט אִיבֶּערגֶעלָאזְט:
15 אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ
זֵיין קְנֶעכְט מֹשֶׁה, אַזוֹי הָאט מֹשֶׁה
גֶעבָּאטֶען צוּ יְהוֹשֻׁעַ, אוּנְד אַזוֹי הָאט
יְהוֹשֻׁעַ גֶעטְהוּן, עֶר הָאט נִיט אָפְּגֶע־
טְהוּן קֵיין זַאךְ פוּן אַלֶעם וָואס דֶער
הַאר גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ מֹשֶׁה:
16 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט אֵיינְגֶענוּמֶען
דָאס דָאזִיגֶע גַאנְצֶע לַאנְד דֶעם בַּארְג,
אוּנְד דִיא גַאנְצֶע דָרוֹם זֵייט, אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע לַאנְד גוֹשֶׁן, אוּנְד דָאס
טְהָאל, אוּנְד דֶעם פְּלוֹין, אוּנְד דֶעם
בַּארְג פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד זֵיין טְהָאל:
17 פוּן דֶעם גְלַאטֶען גֶעבֶּערְג וָואס
גֵייט אַרוֹיף נָאךְ שֵׂעִיר בִּיז נָאךְ בַּעַל
גָּד וָואס אִיז אִים טְהָאל פוּן לְבָנוֹן
הִינְטֶער דֶעם בַּארְג חֶרְמוֹן, אוּנְד אַלֶע
זֵייעֶרֶע מְלָכִים הָאט עֶר אֵיינְגֶענוּמֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד
גֶעטֵייטֶעט:
18 פִילֶע טֶעג הָאט יְהוֹשֻׁעַ מִלְחָמָה
גֶעהַאלְטֶען מִיט אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע
מְלָכִים:

19 עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אַ שְׁטָאט וָואס
הָאט שָׁלוֹם גֶעמַאכְט מִיט דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל, נֵייעֶרְט דֶער חִוִּי, דִיא בֶּע־
וָואוינֶער פוּן גִבְעוֹן, אָבֶּער אַלֶע
(אַנְדֶערֶע) הָאט עֶר אֵיינְגֶענוּמֶען אִין
דֶער מִלְחָמָה:
20 וָוארִין דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן גָאט,
אוּם צוּ שְׁטַארְקֶען זֵיירֶע הֶערְצֶער
עֶנְטְגֶעגֶען צוּ גֵיין צוּ דֶער מִלְחָמָה
מִיט יִשְׂרָאֵל, כְּדֵי עֶר זָאל זֵייא פֶּערְ־
ווִיסְטֶען, אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ נִיט אִיבֶּער
זֵייא דֶערְבַּארְמֶען, נֵייעֶרְט אַז זֵייא
זָאלֶען זֵייא פֶערְטִילְגֶען, אַזוֹי וִויא גָאט
הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ מֹשֶׁה:
21 אוּנְד צוּ דֶערְזֶעלְבִּיגֶער צֵייט אִיז
יְהוֹשֻׁעַ גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט פֶּערשְׁנִיטֶען
דִיא רִיזֶען (עֲנָקִים) פוּן דֶעם גֶעבֶּערְג,
פוּן חֶבְרוֹן, פוּן דְבִיר, פוּן עֲנָב, אוּנְד
פוּן דֶעם גַאנְצֶען בַּארְג יְהוּדָה, אוּנְד פוּן
דֶעם גַאנְצֶען בַּארְג יִשְׂרָאֵל מִיט זֵיירֶע
שְׁטֶעט הָאט זֵייא יְהוֹשֻׁעַ פֶּערְווִיסְט:
22 עֶס זֶענֶען קֵיינֶע עֲנָקִים אִיבֶּער־
גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶעם לַאנְד פוּן דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, נֵייעֶרְט אִין עַזָּה, אִין
גַת, אוּנְד אִין אַשְׁדוֹד זֶענֶען זֵייא
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען:
23 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט אֵיינְגֶענוּמֶען
דָאס גַאנְצֶע לַאנְד, גַאנְץ אַזוֹי וִויא
גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה, אוּנְד
יְהוֹשֻׁעַ הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אַלְס יְרוּשָׁה
צוּ יִשְׂרָאֵל נָאךְ זֵיירֶע אָפְּטֵיילוּנְג, נָאךְ
זֵיירֶע שְׁבָטִים, אוּנְד דָאס לַאנְד הָאט
גֶעהַאט רוּה פוּן מִלְחָמָה:

## קאפיטעל יב

1 אוּנְד דָאס זֶענֶען דִיא מְלָכִים פוּן
דֶעם לַאנְד וֶועלְכֶע דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעיַרְשְׁת
זֵייעֶר לַאנְד אוֹיף יֶענֶער זֵייט יַרְדֵן,
וְואוּ דִיא זוּן גֵייט אוֹיף, פוּן דֶעם טֵייךְ
אַרְנוֹן בִּיז צוּם בַּארְג חֶרְמוֹן, אוּנְד דֶעם
גַאנְצֶען פְּלוֹין אוֹיף דֶער מִזְרַח־זֵייט:
2 סִיחוֹן מֶלֶךְ פוּן אֱמוֹרִי, וָואס הָאט
גֶעוְואוֹינְט אִין חֶשְׁבּוֹן, אוּנְד הָאט רֶע־
גִירְט פוּן עֲרוֹעֵר, וָואס אִיז בֵּייא דֶעם
בָּארְטֶען פוּן דֶעם טֵייךְ אַרְנוֹן, אוּנְד
אִיז צְווִישֶׁען דֶעם טֵייךְ אוּנְד דִיא
הֶעלְפְט פוּן גִלְעָד אוּנְד בִּיז צוּם טֵייךְ
יַבּוֹק, (דָאס אִיז) דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דִיא
קִינְדֶער עַמּוֹן:
3 אוּנְד פוּן דֶעם פְּלוֹין בִּיז צוּם יַם
כִּנְרוֹת אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט, אוּנְד בִּיז
צוּם יַם פוּן דֶעם פְּלוֹין, דָאס יַם הַמֶּלַח
אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט, דֶער וֶועג נָאךְ
בֵּית יְשִׁמוֹת; אוּנְד פוּן דָרוֹם־זֵייט
הִינְטֶער אַשְׁדוֹת פִּסְגָה:
4 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ פוּן עוֹג מֶלֶךְ
פוּן בָּשָׁן, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא
אִיבְּרִיגֶע רְפָאִים, וָואס הָאבֶּען גֶעווָאוֹינְט
אִין עַשְׁתָּרוֹת אוּנְד אִין אֶדְרֶעִי:
5 אוּנְד עֶר הָאט גֶעוֶועלְטִיגְט אִיבֶּער
דֶעם גֶעבֶּערְג חֶרְמוֹן, אוּנְד אִיבֶּער
סַלְכָה, אוּנְד אִיבֶּער גַאנְץ בָּשָׁן בִּיז צוּ
דִיא גְרֶענֶעץ פוּן גְשׁוּרִי אוּנְד מַעֲכָתִי,
אוּנְד אִיבֶּער הַאלְבּ גִלְעָד, דִיא גְרֶענֶעץ
פוּן סִיחוֹן מֶלֶךְ פוּן חֶשְׁבּוֹן:
6 מֹשֶׁה דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט, אוּנְד
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זֵייא גֶע־
שְׁלָאגֶען, אוּנְד מֹשֶׁה דֶער קְנֶעכְט פוּן
גָאט הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אַלְס יְרוּשָׁה
צוּ רְאוּבֵן אוּנְד צוּ גָד, אוּנְד צוּ דֶעם
הַאלְבֶּען שֵׁבֶט פוּן מְנַשֶּׁה:
7 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא מְלָכִים
וֶועלְכֶע יְהוֹשֻׁעַ אוּנְד דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען, אוֹיף דֶער

זַייט יַרְדֵן, אִין מַעֲרָב־זַייט, פוּן בַּעַל־גָד
אָן אִין דֶעם טְהָאל לְבָנוֹן, בִּיז צוּ דֶעם
גְלַאטֶען בַּארְג וָואס גֵייט אַרוֹיף נָאךְ
שֵׂעִיר, אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט זַייא גֶעגֶעבֶּען
צוּ דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל אַלְס יְרוּשָׁה
נָאךְ זַייעֶר אָפְּטֵיילוּנְגֶען:
8 אוֹיף דֶעם גֶעבֶּערְג, אוּנְד אִין דֶעם
טְהָאל אוּנְד אִין דֶעם פְּלַוין אוּנְד אִין
דֶער אָפְּגֶעהָמוּנְג, אִין דֶער מִדְבָּר אוּנְד
אִין דָרוֹם־זַייט, דֶעם חִתִּי, דֶעם אֱמוֹרִי,
דֶעם כְּנַעֲנִי, דֶעם פְּרִזִי, דֶעם חִוִּי אוּנְד
דֶעם יְבוּסִי:
9 דֶער מֶלֶךְ פוּן יְרִיחוֹ אֵיינֶער; דֶער
מֶלֶךְ פוּן עַי וָואס אִיז אִין דֶער זַייט
פוּן בֵּית־אֵל אֵיינֶער:
10 דֶער מֶלֶךְ פוּן יְרוּשָׁלַם אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן חֶבְרוֹן אֵיינֶער:
11 דֶער מֶלֶךְ פוּן יַרְמוּת אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן לָכִישׁ אֵיינֶער:
12 דֶער מֶלֶךְ פוּן עֶגְלוֹן אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן גֶזֶר אֵיינֶער:
13 דֶער מֶלֶךְ פוּן דְבִיר אֵיינֶער; דֶער
מֶלֶךְ פוּן גֶדֶר אֵיינֶער:
14 דֶער מֶלֶךְ פוּן חָרְמָה אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן עֲרָד אֵיינֶער:
15 דֶער מֶלֶךְ פוּן לִבְנָה אֵיינֶער; דֶער
מֶלֶךְ פוּן עֲדֻלָּם אֵיינֶער:
16 דֶער מֶלֶךְ פוּן מַקֵּדָה אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן בֵּית־אֵל אֵיינֶער:
17 דֶער מֶלֶךְ פוּן תַּפּוּחַ אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן חֵפֶר אֵיינֶער:
18 דֶער מֶלֶךְ פוּן אֲפֵק אֵיינֶער; דֶער
מֶלֶךְ פוּן לַשָּׁרוֹן אֵיינֶער:
19 דֶער מֶלֶךְ פוּן מָדוֹן אֵיינֶער; דֶער
מֶלֶךְ פוּן חָצוֹר אֵיינֶער:
20 דֶער מֶלֶךְ פוּן שִׁמְרוֹן־מְרֹאוֹן אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן אַכְשָׁף אֵיינֶער:
21 דֶער מֶלֶךְ פוּן תַּעֲנַךְ אֵיינֶער; דֶער
מֶלֶךְ פוּן מְגִדוֹ אֵיינֶער:
22 דֶער מֶלֶךְ פוּן קֶדֶשׁ אֵיינֶער; דֶער
מֶלֶךְ פוּן יָקְנְעָם אוֹיס כַּרְמֶל אֵיינֶער:
23 דֶער מֶלֶךְ פוּן דוֹר בֵּייא נָפַת דוֹר
אֵיינֶער; דֶער מֶלֶךְ פוּן דִיא גוֹיִם אִין
גִלְגָל אֵיינֶער:
24 דֶער מֶלֶךְ פוּן תִּרְצָה אֵיינֶער;
אַלֶע מְלָכִים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אֵיין אוּנְד
דְרֵייסִיג:

## קאפיטעל יג

1 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ אִיז אַלְט גֶעוָוארֶען,
אוּנְד אִיז אִין (אַלְטֶע) טֶעג גֶעקוּמֶען,
אוּנְד גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא
בִּיזְט אַלְט, דוּא בִּיזְט אִין (אַלְטֶע) טֶעג
גֶעקוּמֶען, אוּנְד פוּן דֶעם לַאנְד אִיז
נָאךְ זֶעהְר פִיל אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען צוּ
יַרְשֶׁנֶען, אָדֶער אֵיינְצוּנֶעהְמֶען:
2 דָאס אִיז דָאס לַאנְד וָואס אִיז אִיבֶּער־
גֶעבְּלִיבֶּען, דִיא גַאנְצֶע גֶעגֶענְד פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פוּן דֶעם
גְשׁוּרִי:
3 פוּן דֶעם (טֵייךְ) שִׁיחוֹר, וָואס אִיז
פַאר מִצְרַיִם בִּיז צוּ דֶער גְרֶענֶעץ פוּן
עֶקְרוֹן, פוּן דֶער צָפוֹן־זַייט זָאל צוּ
דֶעם כְּנַעֲנִי גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען; פִינְף
אָבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, דֶער
עַזָּתִי, אוּנְד דֶער אַשְׁדוֹדִי, אוּנְד דֶער
אֶשְׁקְלוֹנִי, אוּנְד דֶער גִתִּי, אוּנְד דֶער
עֶקְרוֹנִי, אוּנְד דִיא עַוִּים:
4 פוּן דָרוֹם־זַייט, דָאס גַאנְצֶע לַאנְד
פוּן דֶעם כְּנַעֲנִי, אוּנְד דִיא הֵייל וָואס
גֶעהֶערְט צוּ דִיא צִידוֹנִים, בִּיז נָאךְ
אַפֵקָה, בִּיז צוּ דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דֶעם
אֱמוֹרִי:
5 אוּנְד דָאס לַאנְד פוּן דֶעם גִבְלִי,
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע לְבָנוֹן, וְואוּ דִיא זוּן

גֵייט אויף, פוּן בַּעַל־גָד הִינְטֶער דֶעם
בַּארְג חֶרְמוֹן, בִּיז מֶען קוּמְט נָאךְ חֲמָת:
6 אַלֶע בֶּעווֹאוינֶער פוּן דֶעם גֶעבֶּערְג,
פוּן דֶעם לְבָנוֹן בִּיז נָאךְ מִשְׂרְפוֹת מַיִם,
אַלֶע צִידוֹנִים, זַייא וֶועל אִיךְ פֶּערטְרַייבֶּען
פַאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, נֵייעֶרְט דוּא
זָאלְסְט עֶס צוּ יִשְׂרָאֵל צוּפַאלֶען לָאזֶען
אַלְס עֶרְבְּטֵייל, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ דִיר
גֶעבָּאטֶען:
7 אוּנְד אַצוּנְד, צֶערְטֵייל דָאס דָאזִיגֶע
לַאנְד אַלְס אַ יְרוּשָׁה צוּ דִיא נֵיין
שְׁבָטִים, אוּנְד דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט פוּן
מְנַשֶּׁה:
8 מִיט אִיהְם (מְנַשֶּׁה) הָאט רְאוּבֵן
אוּנְד גָד שׁוֹין גֶענוּמֶען זֵייעֶר יְרוּשָׁה,
וָואס מֹשֶׁה הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען אויף
יֶענֶער זֵייט יַרְדֵן אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט,
אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט
הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען:
9 פוּן עֲרוֹעֵר וָואס אִיז בֵּייא דֶעם
בָּארְטֶען פוּן דֶעם טֵייךְ אַרְנוֹן, אוּנְד
דִיא שְׁטָאט וָואס אִיז אִין דֶער מִיטֶע
פוּן דֶעם טֵייךְ, אוּנְד דֶער גַאנְצֶער
פְלוֹין פוּן מֵידְבָא בִּיז נָאךְ דִיבוֹן:
10 אוּנְד אַלֶע שְׁטֶעט פוּן סִיחוֹן מֶלֶךְ
פוּן אֱמוֹרִי, וָואס הָאט רֶעגִירְט אִיבֶּער
חֶשְׁבּוֹן, בִּיז צוּ דֶער גְרֶענֶעץ דֶער
קִינְדֶער עַמוֹן:
11 אוּנְד גִלְעָד, אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ
פוּן גְשׁוּרִי אוּנְד מַעֲכָתִי, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע גֶעבֶּערְג פוּן חֶרְמוֹן, אוּנְד גַאנְץ
בָּשָׁן בִּיז נָאךְ סַלְכָה:
12 דָאס גַאנְצֶע קֶענִיגְרֵייךְ פוּן עוֹג
אִין בָּשָׁן, וָואס הָאט רֶעגִירְט אִין
עַשְׁתָּרוֹת אוּנְד אִין אֶדְרֶעִי, עֶר אִיז
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא אִיבֶּערִיגֶע
רִיזֶען (רְפָאִים) וָואס מֹשֶׁה הָאט זֵייא
גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד הָאט זֵייא פֶּערטְרִיבֶּען:
13 אָבֶּער דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
נִיט פֶּערטְרִיבֶּען דִיא גְשׁוּרִי אוּנְד דִיא
מַעֲכָתִי; אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען דִיא גְשׁוּרִי
אוּנְד דִיא מַעֲכָתִי גֶעווֹאוינְט צְוִוישֶׁען
יִשְׂרָאֵל בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג:
14 נֵייעֶרְט צוּ דֶעם שֵׁבֶט לֵוִי הָאט עֶר
נִיט גֶעגֶעבֶּען קֵיין נַחֲלָה, דִיא פֵּייעֶר־
אָפְּפֶער פוּן דֶעם הַאר, דֶעם גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל, דָאס אִיז זֵיין נַחֲלָה, אַזוֹי וִויא
עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט:
15 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם
שֵׁבֶט דֶער קִינְדֶער רְאוּבֵן (אַן עֶרְבְּטֵייל)
נָאךְ זֵייעֶרֶע מִשְׁפָּחוֹת:
16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ זֵייא
דִיא גְרֶענֶעץ פוּן עֲרוֹעֵר וָואס אִיז בֵּייא
דֶעם בָּארְטֶען פוּן דֶעם טֵייךְ אַרְנוֹן,
אוּנְד דִיא שְׁטָאט וָואס אִיז אִין דֶער
מִיטֶען פוּן דֶעם טֵייךְ, אוּנְד דֶער
גַאנְצֶער פְלוֹין בֵּייא מֵידְבָא:
17 חֶשְׁבּוֹן אוּנְד אַלֶע אִיהְרֶע שְׁטֶעט
וָואס זֶענֶען אִין דֶעם פְלוֹין; דִיבוֹן
אוּנְד בָּמוֹת בַּעַל, אוּנְד בֵּית בַּעַל מְעוֹן:
18 אוּנְד יַהְצָה, אוּנְד קְדֵמוֹת אוּנְד
מֵפָעַת:
19 אוּנְד קִרְיָתַיִם, אוּנְד שִׂבְמָה, אוּנְד
צֶרֶת הַשַּׁחַר אִין דֶעם בַּארְג פוּן דֶעם
טְהָאל:
20 אוּנְד בֵּית פְּעוֹר, אוּנְד דִיא אָפְּ־
גֶעהְמוּנְג פוּן פִּסְגָה, אוּנְד בֵּית הַיְשִׁמוֹת:
21 אוּנְד אַלֶע שְׁטֶעט פוּן דֶעם פְלוֹין,
אוּנְד אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶע פוּן סִיחוֹן מֶלֶךְ
פוּן אֱמוֹרִי, וָואס הָאט רֶעגִירְט אִין
חֶשְׁבּוֹן, וֶועלְכֶען מֹשֶׁה הָאט גֶעשְׁלָאגֶען,
אִיהְם אוּנְד דִיא אָבֶּערשְׁטֶע הַארֶען פוּן
מִדְיָן, דֶעם אֱוִי, אוּנְד דֶעם רֶקֶם, אוּנְד
דֶעם צוּר, אוּנְד דֶעם חוּר, אוּנְד דֶעם

רָבַע, דִיא אָבֶערשְׁטֶע פוּן סִיחוֹן, וָואס
הָאבֶּען גֶעווָאוינְט אִין דֶעם לַאנְד:
22 אוּנְד דֶעם בִּלְעָם, זוּהְן פוּן בְּעוֹר,
דֶעם כּשׁוּף מַאכֶער הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל דֶערשְׁלָאגֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְט
מִיט דִיא זֵיירֶע דֶערשְׁלָאגֶענֶע:
23 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דִיא קִינְדֶער
רְאוּבֵן אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער יַרְדֵן, אוּנְד דִיזֶע
גְרֶענֶעץ אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס עֶרְבְטֵייל פוּן
דִיא קִינְדֶער רְאוּבֵן צוּ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת,
דִיא שְׁטֶעט אוּנְד זֵיירֶע דֶערְפֶער:
24 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעגֶעבֶּען (אַ
נַחֲלָה) צוּ דֶעם שֵׁבֶט גָד, צוּ דִיא
קִינְדֶער גָד נָאךְ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת:
25 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ אִיז צוּ זֵייא
גֶעוֶועזֶען, יַעְזֵר אוּנְד אַלֶע שְׁטֶעט פוּן
גִלְעָד, אוּנְד דָאס הַאלְבֶּע לַאנְד פוּן
דִיא קִינְדֶער עַמּוֹן, בִּיז נָאךְ עֲרוֹעֵר
וָואס אִיז פַאר רַבָּה:
26 אוּנְד פוּן חֶשְׁבּוֹן בִּיז רָמַת הַמִּצְפֶּה
אוּנְד בְּטוֹנִים, אוּנְד פוּן מַחֲנַיִם בִּיז צוּ
דֶער גְרֶענֶעץ פוּן דְבִיר:
27 אוּנְד אִין דֶעם טְהָאל בֵּית הָרָם,
אוּנְד בֵּית נִמְרָה, אוּנְד סֻכּוֹת, אוּנְד
צָפוֹן, דָאס אִיבְּרִיגֶע פוּן דֶעם קֶענִיגְ־
רֵייךְ פוּן סִיחוֹן מֶלֶךְ חֶשְׁבּוֹן, דֶער יַרְדֵן
אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ בִּיז צוּ דֶעם יַם
כִּנֶּרֶת גֶעגֶען אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן אַן דֶער
מִזְרַח־זַייט:
28 דָאס אִיז דָאס עֶרְבְטֵייל פוּן דִיא
קִינְדֶער גָד נָאךְ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת, מִיט
דִיא שְׁטֶעט אוּנְד זֵיירֶע דֶערְפֶער:
29 אוּנְד משֶׁה הָאט גֶעגֶעבֶּען (אַלְס
אַן עֶרְבְטֵייל) צוּ דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט
מְנַשֶּׁה, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ דֶעם
הַאלְבֶּען שֵׁבֶט דֶער קִינְדֶער מְנַשֶּׁה נָאךְ
זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת:
30 אוּנְד זֵיירֶע גְרֶענֶעצֶען זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען פוּן מַחֲנַיִם, דָאס גַאנְצֶע בָּשָׁן,
דָאס גַאנְצֶע קֶענִיגְרֵייךְ פוּן עוֹג מֶלֶךְ
בָּשָׁן, אוּנְד אַלֶע דֶערְפֶער פוּן יָאִיר
וָואס אִיז אִין בָּשָׁן, זֶעכְצִיג שְׁטֶעט:
31 אוּנְד דָאס הַאלְבֶּע (לַאנְד פוּן
גִלְעָד, אוּנְד עַשְׁתָּרוֹת, אוּנְד אֶדְרֶעִי
דִיא שְׁטֶעט פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ עוֹג
אִין בָּשָׁן (הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען) צוּ דִיא
קִינְדֶער פוּן מָכִיר, זוּהְן פוּן מְנַשֶּׁה, צוּ
דִיא הֶעלְפְט דֶער קִינְדֶער פוּן מָכִיר
נָאךְ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת:
32 דִיזֶע הָאט משֶׁה גֶעמַאכְט יַרְשֶׁנֶן
אִין עַרְבוֹת מוֹאָב, פוּן יֶענֶער זֵייט
יַרְדֵן, בֵּייא יְרִיחוֹ, אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט:
33 אָבֶּער צוּ דֶעם שֵׁבֶט לֵוִי הָאט
משֶׁה נִיט גֶעגֶעבֶּען קֵיין עֶרְבְטֵייל;
דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, עֶר
אִיז גֶעוֶועזֶען זֵייעֶר עֶרְבְטֵייל, אַזוֹי וִויא
עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט:

## קאפיטעל יד

1 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע (זֶענֶען דִיא
שְׁטֶעט) וָואס דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעעֶרְבְּט אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן,
וָואס אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן, אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן
פוּן נוּן, אוּנְד דִיא רָאשֵׁי אָבוֹת פוּן דִיא
שְׁבָטִים דֶער קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
עֶס צֶערְטֵיילְט צוּ זֵייא:
2 דוּרְךְ אַ גוֹרָל אִיז גֶעוֶועזֶען זֵייעֶר
נַחֲלָה, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען
דוּרְךְ משֶׁה פַאר דִיא נֵיין שְׁבָטִים אוּנְד
דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט:
3 וָוארִין משֶׁה הָאט שׁוֹין גֶעגֶעבֶּען
דִיא נַחֲלָה פוּן צְוֵוייא שְׁבָטִים אוּנְד אַ
הַאלְבֶּען שֵׁבֶט אוֹיף יֶענֶער זֵייט יַרְדֵן,
אָבֶּער צוּ דִיא לְוִיִּם הָאט עֶר נִיט גֶע־
גֶעבֶּען אַ נַחֲלָה צְווִישֶׁען זֵייא:

4 וָוארִין דִיא קִינְדֶער פוּן יוֹסֵף זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְווייא שְׁבָטִים, מְנַשֶּׁה אוּנְד אֶפְרָיִם; אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעגֶעבֶּען אַ חֵלֶק צוּ דִיא לְוִיִּם אִין דֶעם לַאנְד, נַייעֶרְט שְׁטֶעט אִין זַייא צוּ וְואוֹינֶען, אוּנְד זַיירֶע לֵיידִיגֶע פְלֶעצֶער פַאר זַיירֶע בְּהֵמוֹת אוּנְד פַאר זַייעֶר פֶערְמֶעגֶען:

5 אַזוֹי וְויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה אַזוֹי הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעטְהוּן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּטֵיילְט דָאס לַאנְד:

6 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ אִין גִלְגָל, אוּנְד כָּלֵב זוּהְן פוּן יְפֻנֶּה דֶער קְנִזִּי הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא וַוייסְט זְואוּיל דָאס וָוארְט וָואס דֶער הַאר (גָאט) הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה דֶעם מַאן פוּן גָאט וֶועגֶען מִיר אוּנְד וֶועגֶען דִיר אִין קָדֵשׁ בַּרְנֵעַ:

7 אִיךְ בִּין אַלְט גֶעוֶועזֶען פִירְצִיג יָאהְר וֶוען מֹשֶׁה דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט הָאט מִיךְ אוֹיסְגֶעשִׁיקְט פוּן קָדֵשׁ בַּרְנֵעַ אוֹיסְצוּזֶעהֶען דָאס לַאנְד, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעבְּרֶענְגְט אַן אַנְטְוָוארְט אַזוֹי וְויא עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין מֵיין הַארְץ:

8 אוּנְד מֵיינֶע בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען מִיט מִיר אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען גֶעמַאכְט שְׁמֶעלְצֶען דָאס הַארְץ פוּן דֶעם פָאלְק, אָבֶּער אִיךְ בִּין פָאלְקָאמֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען דֶעם הַאר מֵיין גָאט:

9 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעשְׁוָוארֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זִיכֶערְלִיךְ דָאס לַאנְד וָואס דֵיינֶע פִיס הָאבֶּען דַארוֹיף גֶעטְרֶעטֶען, זָאל זַיין צוּ דִיר אַלְס אַ נַחֲלָה אוּנְד צוּ דֵיינֶע קִינְדֶער אוֹיף אֵייבִּיג, וָוארִין דוּא בִּיזְט פָאלְקָאמֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען דֶעם הַאר מֵיין גָאט:

10 אוּנְד אַצוּנְד זֶעה, גָאט הָאט מִיךְ גֶעלָאזְט לֶעבֶּען אַזוֹי וְויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז שׁוֹין פִינְף אוּנְד פִירְצִיג יָאהְר, פוּן דֶער צֵייט וָואס גָאט הָאט גֶערֶעט דָאס וָוארְט צוּ מֹשֶׁה, וַוייל יִשְׂרָאֵל אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער מִדְבָּר; אוּנְד אַצוּנְד, זֶעה, אִיךְ בִּין הֵיינְט אַלְט פִינְף אוּנְד אַכְטְצִיג יָאהְר:

11 אִיךְ בִּין נָאךְ הֵיינְט אַזוֹי שְׁטַארְק וְויא אִין דֶעם טָאג וֶוען מֹשֶׁה הָאט מִיךְ אוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אַזוֹי וְויא מֵיין כֹּחַ אִיז דֶענְסְטְמָאל גֶעוֶועזֶען אַזוֹי אִיז מֵיין כֹּחַ אַצוּנְד, צוּ דֶער מִלְחָמָה אַרוֹיסְצוּגֵיין אוּנְד אַרֵיינְצוּקוּמֶען:

12 אוּנְד אַצוּנְד גִיבּ מִיר דֶעם בַּארְג פוּן וֶועלְכֶען גָאט הָאט גֶערֶעט אָן דֶעם דָאזִיגֶען טָאג, וָוארִין דוּא הָאסְט דָאךְ גֶעהֶערְט אָן דֶעם דָאזִיגֶען טָאג אַז דִיא עֲנָקִים (זֶענֶען) דָארְט, אוּנְד אַז דִיא שְׁטֶעט זֶענֶען גְרוֹיס אוּנְד פֶעסְט, אוּנְד וֶוען גָאט וֶועט מִיט מִיר זַיין, אַזוֹי וֶועל אִיךְ זַייא קֶענֶען פֶערְטְרֵייבֶּען, אַזוֹי וְויא גָאט הָאט גֶערֶעט:

13 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען חֶבְרוֹן צוּ כָּלֵב זוּהְן פוּן יְפֻנֶּה אַלְס אַן עֶרְבְּטֵייל:

14 אִיבֶּער דֶעם אִיז חֶבְרוֹן גֶעוֶועזֶען צוּ כָּלֵב זוּהְן פוּן יְפֻנֶּה, דֶער קְנִזִּי, אַלְס עֶרְבְּטֵייל בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג, וַוייל עֶר הָאט גַאנְץ נָאכְגֶעפָאלְגְט דֶעם הַאר, גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל:

15 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן חֶבְרוֹן אִיז פְרִיהֶער גֶעוֶועזֶען קִרְיַת אַרְבַּע, (דֶער אַרְבַּע) אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער גְרֶעסְטֶער מֶענְשׁ אוּנְטֶער דִיא עֲנָקִים, אוּנְד דָאס

לַאנְד אִיז גֶעוועזֶען שְׁטִיל פון דֶער
מִלְחָמָה׃

## קאפיטעל טו

1 אוּנְד דָאס גוֹרָל פון דֶעם שֵׁבֶט
דֶער קִינְדֶער פון יְהוּדָה צוּ זַיירֶע
מִשְׁפָּחוֹת, אִיז גֶעוועזֶען, בֵּייא, דֶער
גְרֶענְעֶץ פון אֱדוֹם, פון דֶער מִדְבַּר צִן
אויף דֶער דָרוֹם־זַייט, אִין דֶעם עֶק
דָרוֹם־זַייט אִיז עֶס גֶעוועזֶען׃
2 אוּנְד דִיא דָרוֹם גְרֶענְעֶץ אִיז צוּ
זַייא גֶעוועזֶען פון דֶעם עֶק יָם הַמֶּלַח,
פון דֶעם שְׁטְרָאם וָואס קֶעהְרְט זִיךְ צוּ
דֶער דָרוֹם־זַייט׃
3 אוּנְד עֶס אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען צוּ
דָרוֹם־זַייט פון מַעֲלֵה עַקְרַבִּים, אוּנְד
אִיז אַרִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען קֵיין צִן, אוּנְד
אִיז אַרויפְגֶעגַאנְגֶען פון דָרוֹם־זַייט נָאךְ
קָדֵשׁ בַּרְנֵעַ, אוּנְד אִיז אַרִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען
בֵּייא חֶצְרוֹן, אוּנְד אִיז אַרויפְגֶעגַאנְגֶען
נָאךְ אַדָּר, אוּנְד הָאט אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט
קַרְקָעָה׃
4 אוּנְד אִיז אַרִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען קֵיין
עַצְמוֹן, אוּנְד אִיז אַרויסְגֶעקוּמֶען צוּ
דֶעם טֵייךְ פון מִצְרַיִם, אוּנְד דֶער
אויסְגַאנְג פון דֶער גְרֶענְעֶץ אִיז גֶע־
וֶועזֶען אויף מַעֲרָב־זַייט; דָאס זָאל צוּ
אֵייךְ זַיין דִיא גְרֶענְעֶץ פון דָרוֹם־זַייט׃
5 אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ אויף מִזְרַח־זַייט
אִיז גֶעוועזֶען פון דֶעם יָם הַמֶּלַח בִּיז
צוּ דֶעם עֶק פון יַרְדֵּן; אוּנְד דִיא
גְרֶענְעֶץ פון צָפוֹן־זַייט אִיז גֶעוועזֶען
פון דֶעם שְׁטְרָאם פון יָם פון דֶעם
עֶק יַרְדֵּן׃
6 אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ אִיז אַרויפְגֶע־
גַאנְגֶען פון בֵּית חָגְלָה אוּנְד אִיז
אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען פון צָפוֹן־זַייט נָאךְ
בֵּית הָעֲרָבָה; אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ אִיז
אַרויפְגֶעגַאנְגֶען בִּיז אֶבֶן בֹּהַן בֶּן־רְאוּבֵן׃
7 אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ אִיז אַרויפְגֶע־
גַאנְגֶען קֵיין דְבִיר פון עֵמֶק עָכוֹר,
אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט אִין צָפוֹן־זַייט צוּ
גִלְגָל, וָואס אִיז קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶעם
אויפְגַאנְג פון אֲדֻמִּים, וָואס אִיז אַן
דֶער דָרוֹם־זַייט פון דֶעם טֵייךְ; אוּנְד
דִיא גְרֶענְעֶץ אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען בִּיז
צוּ דֶעם וַואסֶער פון עֵין שֶׁמֶשׁ, אוּנְד
זַיין אויסְגַאנְג אִיז גֶעוועזֶען בִּיז עֵין רוֹגֵל׃
8 אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ אִיז אַרויפְגֶע־
גַאנְגֶען בֵּייא דֶעם טְהָאל פון דֶעם זוּהְן
פון הִנֹּם, אַן דֶער זַייט פון דֶעם יְבוּסִי,
פון דָרוֹם־זַייט, דָאס אִיז יְרוּשָׁלָם;
אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ אִיז אַרויפְגֶעגַאנְגֶען
בִּיז צוּ דֶער שְׁפִּיץ פון דֶעם בַּארְג,
וָואס אִיז פַאר דֶעם טְהָאל פון הִנֹּם
אַן דֶער מַעֲרָב־זַייט, וָואס אִיז אַן דֶעם
עֶק טְהָאל פון דִיא רְפָאִים (רִיזֶען) אַן
דֶער צָפוֹן־זַייט׃
9 אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ הָאט זִיךְ גֶע־
צוֹיגֶען פון דֶער שְׁפִּיץ פון דֶעם בַּארְג
צוּ דֶער וַואסֶער קְוֶועל נֶפְתּוֹחַ, אוּנְד
אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא שְׁטֶעט פון
דֶעם בַּארְג עֶפְרוֹן; אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ
הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגֶען בִּיז בַּעֲלָה, דָאס
אִיז קִרְיַת יְעָרִים׃
10 אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ הָאט זִיךְ
אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט פון בַּעֲלָה, קֵיין מַעֲרָב־
זַייט צוּ דֶעם בַּארְג שֵׂעִיר, אוּנְד אִיז
אַרִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער זַייט פון
דֶעם בַּארְג יְעָרִים פון צָפוֹן־זַייט; דָאס
אִיז כְּסָלוֹן; אוּנְד הָאט אַרוּפְּגֶענִידֶערְט
קֵיין בֵּית־שֶׁמֶשׁ, אוּנְד אִיז אַרִיבֶּער־
גֶעגַאנְגֶען קֵיין תִּמְנָה׃
11 אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ אִיז אַרויסְגֶע־
גַאנְגֶען צוּ דֶער צָפוֹן־זַייט פון עֶקְרוֹן,

אוּנְד

אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגֶען
קֵיין שִׁכְּרוֹן, אוּנְד אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען
צוּ דֶעם בַּארְג בַּעֲלָה, אוּנְד אִיז אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען קֵיין יַבְנְאֵל, אוּנְד דִיא אוֹיסְ־
קֶענְג פוּן דֶער גְרֶענֶעץ אִיז גֶעוֶועזֶען
גֶעגֶען מַעֲרָב־זַייט:
12 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ פוּן מַעֲרָב־זַייט
אִיז גֶעוֶועזֶען בִּיז צוּ דֶעם יַם הַגָּדוֹל,
אוּנְד דָאס אִיז דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דִיא
קִינְדֶער יְהוּדָה רִי אַרוּם נָאךְ זַייעֶרֶע
מִשְׁפָּחוֹת:
13 אוּנְד צוּ כָּלֵב זוּהְן פוּן יְפֻנֶּה, הָאט
עֶר גֶעגֶעבֶּען אַ חֵלֶק צְווִישֶׁען דִיא
קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה, אַזוֹי וִויא גָאט
הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ, קִרְיַת אַרְבַּע,
וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער פָאטֶער פוּן
עֲנָק, דָאס אִיז חֶבְרוֹן:
14 אוּנְד כָּלֵב הָאט פוּן דָארְט פֶערְ־
טְרִיבֶּען דִיא דְרֵייא זוּהְן פוּן עֲנָק, דֶעם
שֵׁשַׁי, אוּנְד דֶעם אֲחִימָן, אוּנְד דֶעם
תַּלְמַי, דִיא קִינְדֶער פוּן עֲנָק:
15 אוּנְד עֶר אִיז פוּן דָארְט אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן דְבִיר,
אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דְבִיר אִיז פְרִיהֶער
גֶעוֶועזֶען קִרְיַת־סֵפֶר:
16 אוּנְד כָּלֵב הָאט גֶעזָאגְט, דֶער
וָואס וֶועט שְׁלָאגֶען קִרְיַת־סֵפֶר אוּנְד
וֶועט זִיא אֵיינְנֶעמֶען, צוּ דֶעם וֶועל
אִיךְ גֶעבֶּען מֵיינֶע טָאכְטֶער עַכְסָה צוּ
אֵיין ווייבּ:
17 אוּנְד עָתְנִיאֵל דֶער זוּהְן פוּן קְנַז,
דֶער בְּרוּדֶער פוּן כָּלֵב הָאט זִיא אֵיינְ־
גֶענוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען
זַיינֶע טָאכְטֶער עַכְסָה צוּ אֵיין ווייבּ:
18 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס זִיא
אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אַזוֹי הָאט זִיא
אִיהְם אָנְגֶערֶעט אַז עֶר זָאל פוּן אִיהְר
פָאטֶער פֶערְלַאנְגֶען אַ פֶעלְד, אוּנְד
זִיא הָאט זִיךְ אַרוּפְגֶעלָאזְט פוּן דֶעם
אֵייזֶעל, אוּנְד כָּלֵב הָאט צוּ אִיהְר גֶע־
זָאגְט, וָואס אִיז צוּ דִיר?
19 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, גִיבּ מִיר
אַ בְּרָכָה, וָוארִין דוּא הָאסְט מִיר גֶע־
גֶעבֶּען אַ דָרוֹם־לַאנְד, אַזוֹי גִיבּ מִיר
(אוֹיךְ) קְוֶועל־וַואסֶער; אוּנְד עֶר הָאט
צוּ אִיהְר גֶעגֶעבֶּען דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע
קְוֶועלֶען אוּנְד דִיא אוּנְטֶערְשְׁטֶע
קְוֶועלֶען:
20 דָאס אִיז דִיא נַחֲלָה פוּן דֶעם
שֵׁבֶט דֶער קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה, נָאךְ
זַייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער:
21 אוּנְד דִיא שְׁטֶעט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
פוּן דֶעם עֶק (גְרֶענֶעץ) צוּ דֶעם שֵׁבֶט
דֶער קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה בִּיז צוּ דֶער
גְרֶענֶעץ פוּן אֱדוֹם אַן דֶער דָרוֹם־זַייט,
קַבְצְאֵל, אוּנְד עֵדֶר אוּנְד יָגוּר:
22 אוּנְד קִינָה, אוּנְד דִימוֹנָה, אוּנְד
עַדְעָדָה:
23 אוּנְד קֶדֶשׁ, אוּנְד חָצוֹר, אוּנְד
יִתְנָן:
24 זִיף, אוּנְד טֶלֶם, אוּנְד בְּעָלוֹת:
25 אוּנְד חָצוֹר, אוּנְד חֲדַתָּה, אוּנְד
קְרִיּוֹת חֶצְרוֹן, דָאס אִיז חָצוֹר:
26 אֲמָם, אוּנְד שְׁמַע, אוּנְד מוֹלָדָה:
27 אוּנְד חֲצַר גַּדָּה, אוּנְד חֶשְׁמוֹן,
אוּנְד בֵּית פָּלֶט:
28 אוּנְד חֲצַר שׁוּעָל, בְּאֵר שֶׁבַע, אוּנְד
בִּזְיוֹתְיָה:
29 בַּעֲלָה, אוּנְד עִיִּים, אוּנְד עָצֶם:
30 אוּנְד אֶלְתּוֹלַד, אוּנְד כְּסִיל, אוּנְד
חָרְמָה:
31 אוּנְד צִקְלַג, אוּנְד מַדְמַנָּה, אוּנְד
סַנְסַנָּה:
32 אוּנְד לְבָאוֹת, אוּנְד שִׁלְחִים, אוּנְד

עַיִן, אוּנְד רִמּוֹן, אַלֶע שְׁטֶעט (זֶענֶען גֶעוֶועזֶען) נַיין אוּנְד צְוַואנְצִיג, אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער ׃

33 אִין דֶעם טְהָאל אֶשְׁתָּאוֹל, אוּנְד צָרְעָה, אוּנְד אַשְׁנָה ׃

34 אוּנְד זָנוֹחַ, אוּנְד עֵין גַנִּים תַּפּוּחַ, אוּנְד הָעֵינָם ׃

35 יַרְמוּת, אוּנְד עֲדֻלָּם, שׂוֹכוֹה, אוּנְד עֲזֵקָה ׃

36 אוּנְד שַׁעֲרַיִם, אוּנְד עֲדִיתַיִם, אוּנְד הַגְּדֵרָה, אַנְד גְדֵרוֹתַיִם, פִירְצֶען שְׁטֶעט, אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער ׃

37 צְנָן, אוּנְד חֲדָשָׁה, אוּנְד מִגְדַּל־גָּד ׃

38 אוּנְד דִּלְעָן, אוּנְד מִצְפֶּה, אוּנְד יָקְתְאֵל ׃

39 לָכִישׁ, אוּנְד בָּצְקַת, אוּנְד עֶגְלוֹן ׃

40 אוּנְד כַּבּוֹן, אוּנְד לַחְמָס, אוּנְד כִּתְלִישׁ ׃

41 אוּנְד גְדֵרוֹת בֵּית־דָּגוֹן, אוּנְד נַעֲמָה, אוּנְד מַקֵּדָה, זֶעכְצֶען שְׁטֶעט, אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער ׃

42 לִבְנָה, אוּנְד עֶתֶר, אוּנְד עָשָׁן ׃

43 אוּנְד יִפְתָּח, אוּנְד אַשְׁנָה, אוּנְד נְצִיב ׃

44 אוּנְד קְעִילָה, אוּנְד אַכְזִיב, אוּנְד מָרֵאשָׁה, נַיין שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער ׃

45 עֶקְרוֹן אוּנְד אִיהְרֶע קְלֵיינֶע שְׁטֶעט אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער ׃

46 פוּן עֶקְרוֹן אוּנְד אוֹיף מַעֲרָב־זַייט, אַלֶעס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער זַייט פוּן אַשְׁדּוֹד, אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער ׃

47 אַשְׁדּוֹד מִיט אִיהְרֶע קְלֵיינֶע שְׁטֶעט אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער; עַזָּה מִיט אִיהְרֶע קְלֵיינֶע שְׁטֶעט אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער, בִּיז צוּ דֶעם טַייךְ פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד דָאס גְרוֹיסֶע יַם, אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ דַאפוּן ׃

48 אוּנְד אוֹיף דֶעם גֶעבִּירְג, שָׁמִיר, אוּנְד יַתִּיר אוּנְד שׂוֹכוֹ ׃

49 אוּנְד דַנָּה, אוּנְד קִרְיַת־סַנָּה, דָאס אִיז דְבִיר ׃

50 אוּנְד עֲנָב אוּנְד אֶשְׁתְּמֹה, אוּנְד עָנִים ׃

51 אוּנְד גוֹשֶׁן, אוּנְד חוֹלוֹן, אוּנְד גִלֹה, עֶלְף שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער ׃

52 אֲרָב, אוּנְד דוּמָה, אוּנְד אֶשְׁעָן ׃

53 אוּנְד יָנִים אוּנְד בֵּית־תַּפּוּחַ, אוּנְד אֲפֵקָה ׃

54 אוּנְד חֻמְטָה, אוּנְד קִרְיַת אַרְבַּע, דָאס אִיז חֶבְרוֹן, אוּנְד צִיעוֹר, נַיין שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער ׃

55 מָעוֹן כַּרְמֶל, אוּנְד זִיף, אוּנְד יוּטָּה ׃

56 אוּנְד יִזְרְעֶאל, אוּנְד יָקְדְעָם, אוּנְד זָנוֹחַ ׃

57 הַקַּיִן גִבְעָה אוּנְד תִמְנָה, צֶעהְן שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער ׃

58 חַלְחוּל בֵּית־צוּר, אוּנְד גְדוֹר ׃

59 אוּנְד מַעֲרָת, אוּנְד בֵּית־עֲנוֹת, אוּנְד אֶלְתְּקוֹן, זֶעקְס שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער ׃

60 קִרְיַת־בַּעַל, דָאס אִיז קִרְיַת־יְעָרִים, אוּנְד רַבָּה, צְווֵייא שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער ׃

61 אִין דֶער מִדְבָּר, בֵּית עֲרָבָה, מִדִּין אוּנְד סְכָכָה ׃

62 אוּנְד נִבְשָׁן, אוּנְד דִיא זַאלְץ־שְׁטָאט, אוּנְד עֵין גֶדִי, זֶעקְס שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער ׃

63 אוּנְד דִיא פוּן יְבוּסִי, דִיא בֶּעוואוינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, דִיזֶע הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה נִיט גֶעקֶענְט פֶערְטְרֵייבֶען, גֵייעֶרְט דִיא פוּן יְבוּסִי וְואוינֶען מִיט דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה אִין יְרוּשָׁלַיִם בִּיז צוּ דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג ׃

קאפיטעל טז

1 אוּנְד דָאס גוֹרָל פַאר דִיא קִינְדֶער
פוּן יוֹסֵף אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען פוּן יַרְדֵן
בַּייא יְרִיחוֹ, צוּ דֶעם וַואסֶער פוּן יְרִיחוֹ,
אַן דֶער מִזְרַח־זַייט, צוּ דֶער מִדְבָּר
וָואס גֵייט אַרוֹיף פוּן יְרִיחוֹ אִין דֶעם
גֶעבִּירְג פוּן בֵּית־אֵל:
2 אוּנְד אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען פוּן בֵּית־
אֵל נָאךְ לוּז, אוּנְד אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען
צוּ דֶער גְרֶענְעֶץ פוּן אַרְכִּי נָאךְ עֲטָרוֹת:
3 אוּנְד אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען אַן דֶער
מַעֲרָב־זַייט צוּ דֶער גְרֶענְעֶץ פוּן יַפְלֵטִי,
בִּיז צוּ דֶער גְרֶענְעֶץ פוּן בֵּית־חוֹרוֹן
דֶעם אוּנְטֶערשְׁטֶען, אוּנְד בִּיז גֶזֶר,
אוּנְד זַיינֶע אוֹיסְגֶענְג זֶענֶען בַּייא דֶעם
יַם (אָדֶער מַעֲרָב־זַייט):
4 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן יוֹסֵף, מְנַשֶּׁה
אוּנְד אֶפְרַיִם הָאבֶּען זַייא גִירַשְׁת:
5 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא גְרֶענְעֶץ
פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן אֶפְרַיִם נָאךְ זַיירֶע
גֶעשְׁלֶעכְטֶער; אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ פוּן
זַייעֶר נַחֲלָה אִיז גֶעוֶועזֶען אַן דֶער
מִזְרַח־זַייט פוּן עַטְרוֹת אַדָר בִּיז נָאךְ
בֵּית חוֹרוֹן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען:
6 אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ אִיז אַרויסְגֶע־
גַאנְגֶען בַּייא דֶעם יָם נָאךְ מִכְמְתָת פוּן
צָפוֹן־זַייט, אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ הָאט זִיךְ
אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט אַן דֶער מִזְרַח־זַייט
צוּ תַּאֲנַת שִׁלֹה, אוּנְד אִיז פָארְבֵּייא
גֶעגַאנְגֶען אַן דֶער מִזְרַח־זַייט נָאךְ
יָנוֹחָה:
7 אוּנְד אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען פוּן יָנוֹחָה
נָאךְ עֲטָרוֹת אוּנְד נָאךְ נַעֲרָתָה, אוּנְד
הָאט אִיהְם בֶּעגֶעגְנֶעט בַּייא יְרִיחוֹ,
אוּנְד אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען בַּייא דֶעם
יַרְדֵן:
8 פוּן תַּפּוּחַ אִיז דִיא גְרֶענְעֶץ אַרויסְ־
גֶעגַאנְגֶען נָאךְ דֶער מַעֲרָב־זַייט בִּיז צוּ
דֶעם טֵייךְ קָנָה, אוּנְד זַיינֶע אוֹיסְגֶענְג
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער מַעֲרָב־זַייט;
דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא נַחֲלָה פוּן דֶעם
שֵׁבֶט דֶער קִינְדֶער פוּן אֶפְרַיִם נָאךְ
זַיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער:
9 אוּנְד דִיא אָפְּגֶעזוּנְדֶערְטֶע שְׁטֶעט (זֶע־
גֶען גֶעוֶועזֶען) צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן אֶפְרַיִם
צְווִישֶׁען דֶער נַחֲלָה פוּן דִיא קִינְדֶער
פוּן מְנַשֶּׁה, אַלֶע שְׁטֶעט אוּנְד זַיירֶע
דֶערְפֶער:
10 אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט פֶערטְרִיבֶּען
דִיא כְּנַעֲנִים וָואס הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט
אִין גֶזֶר, נֵייעֶרְט דִיא כְּנַעֲנִים הָאבֶּען
גֶעווָאוֹינְט צְווִישֶׁען אֶפְרַיִם בִּיז צוּ דֶעם
הֵיינְטִיגֶען טָאג, אוּנְד אִיז גֶעוָוארֶען אַ
צִינְס־קְנֶעכְט:

קאפיטעל יז

1 אוּנְד עֶס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אַ
גוֹרָל צוּ דֶעם שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה, וָוארִין עֶר
אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער בְּכוֹר פוּן יוֹסֵף, צוּ
מָכִיר דֶער בְּכוֹר פוּן מְנַשֶּׁה, פָאטֶער
פוּן גִלְעָד; וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ
בַּעַל מִלְחָמָה, דַארוּם הָאט עֶר גֶעהַאט
גִלְעָד אוּנְד בָּשָׁן:
2 אוּנְד עֶס אִיז (אוֹיךְ) גֶעוֶועזֶען (אַ
גוֹרָל) צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע זִיהְן פוּן מְנַשֶּׁה
נָאךְ זַיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער; צוּ דִיא
קִינְדֶער פוּן אֲבִיעֶזֶר, אוּנְד צוּ דִיא
קִינְדֶער פוּן חֵלֶק, אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער
פוּן אַשְׂרִיאֵל, אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן
שֶׁכֶם, אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן חֵפֶר,
אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן שְׁמִידָע, דָאס
זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן מְנַשֶּׁה, זוּהְן פוּן
יוֹסֵף, דִיא מַאנְסְפֶּערְזָאנֶען נָאךְ זַיירֶע
גֶעשְׁלֶעכְטֶער:
3 אוּנְד צוּ צְלָפְחָד, זוּהְן פוּן חֵפֶר,

וָוארִין עֶר אִיז אוּנְזֶער גָאט׃

19 יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, אִיהְר קֶענְט נִיט דִינֶען יְהוָה, וָוארִין עֶר אִיז אַ הֵיילִיגֶער גָאט, עֶר אִיז אַ גָאט וָואס אִיז זִיךְ נוֹקֵם, עֶר וֶועט נִיט פֶערטְרָאגֶען צוּ אֵייעֶרֶע עֲבֵירוֹת אוּנְד צוּ אֵייעֶרֶע חֲטָאִים׃

20 וֶוען אִיהְר וֶועט פֶערְלָאזֶען יְהוָה אוּנְד אִיהְר וֶועט דִינֶען פְרֶעמְדֶע אָפְּגֶעטֶער, אַזוֹי וֶועט עֶר זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען אוּנְד וֶועט אֵייךְ שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן, אוּנְד אֵייךְ פֶערְלָאזֶען, נָאכְדֶעם דָאס עֶר הָאט אֵייךְ גוּטֶעס גֶעטְהוּן׃

21 אָבֶּער דָאס פָאלְק הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ, נֵיין, נֵייעֶרְט יְהוָה וֶועלֶען מִיר דִינֶען׃

22 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, אִיהְר זֶענְט קֶעגֶען אֵייךְ אַלֵיין עֵדוּת דָאס אִיהְר הָאט אֵייךְ אוֹיסְדֶערְוֶויילְט יְהוָה, אִיהְם צוּ דִינֶען,— אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר זֶענֶען עֵדוּת׃

23 אוּנְד אַצוּנְד, טְהוּט אָפּ דִיא פְרֶעמְדֶע אָפְּגֶעטֶער וָואס זֶענֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד נֵייגְט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער צוּ יְהוָה, דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל׃

24 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ, יְהוָה אוּנְזֶער גָאט וֶועלֶען מִיר דִינֶען, אוּנְד זֵיין קוֹל וֶועלֶען מִיר צוּ הֶערֶען׃

25 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט מִיט דֶעם פָאלְק כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אוּנְד עֶר הָאט דָאס גֶעמַאכְט פַאר אַ גֶעזֶעץ אוּנְד אַ מִשְׁפָּט אִין שְׁכֶם׃

26 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער אִין דֶעם סֵפֶר תּוֹרָה, פוּן גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען אַ גְרוֹיסֶען שְׁטֵיין אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם דָארְטֶען אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנְטֶער דֶעם לִינְדֶען-בּוֹים וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען בֵּייא דֶעם מִקְדָּשׁ פוּן גָאט׃

27 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, זֶעהְט, דֶער דָאזִיגֶער שְׁטֵיין זָאל זֵיין אֵיין עֵדוּת צְווִישֶׁען אוּנְס, וָוארִין עֶר הָאט גֶעהֶערְט אַלֶע רֵייד פוּן גָאט וָואס עֶר הָאט מִיט אוּנְס גֶערֶעט, אוּנְד עֶס זָאל דַארוּם זֵיין קֶעגֶען אֵייךְ אַלְס עֵדוּת, טָאמֶער וֶועט אִיהְר פֶערְלֵייקֶענֶען אֵייעֶר גָאט׃

28 אַזוֹי הָאט יְהוֹשֻׁעַ אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט דָאס פָאלְק אִיטְלִיכֶען צוּ זֵיין נַחֲלָה׃

29 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע רֵייד אַזוֹי אִיז יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט גֶעשְׁטָארְבֶּען, עֶר אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען הוּנְדֶערְט אוּנְד צֶעהְן יָאהְר

30 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין דֶער גְרֶענֶעץ פוּן זֵיין עֶרְבְטֵייל, אִין תִּמְנַת סֶרַח, וָואס אִיז אוֹיף דֶעם בַּארְג אֶפְרָיִם, אַן דֶער צָפוֹן־זֵייט צוּ דֶעם בַּארְג גָעַשׁ׃

31 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעדִינְט יְהוָה אַלֶע טֶעג פוּן יְהוֹשֻׁעַ, אוּנְד אַלֶע טֶעג פוּן דִיא עֶלְצְטֶע וָואס הָאבֶּען דֶערְלֶענְגֶערְט זֵייעֶר לֶעבֶּען נָאךְ יְהוֹשֻׁעַ אוּנְד וָואס הָאבֶּען גֶעקֶענְט אַלֶע מַעֲשִׂים פוּן גָאט, וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ יִשְׂרָאֵל׃

32 אוּנְד דִיא בֵּיינֶער פוּן יוֹסֵף וָואס דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אַרוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט פוּן מִצְרַיִם הָאבֶּען זֵייא בֶּעגְרָאבֶּען אִין שְׁכֶם, אִין דֶעם חֵלֶק פֶעלְד וָואס יַעֲקֹב הָאט גֶעקוֹיפְט פוּן

דִיא קִינְדֶער פוּן חֲמוֹר, דֶעם פָאטֶער
פוּן שְׁכֶם פַאר אַ הוּנְדֶערְט קְשִׂיטָה,
אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ דִיא קִינְדֶער
פוּן יוֹסֵף אַלְס אַ נַחֲלָה:
33 אוּנְד אֶלְעָזָר דֶער זוּהְן פוּן אַהֲרֹן
אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אוֹיף דֶער הֵייךְ פוּן
פִּינְחָס זַיין זוּהְן, וָואס עֶר הָאט אִיהְם
גֶעגֶעבֶּען אִין דֶעם בַּארְג אֶפְרָיִם:

נשלם ספר יהושע בעזרת האל המושיע:

חזק

# שופטים

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶעם
טוֹיט פוּן יְהוֹשֻׁעַ אַזוֹי הָאבֶּען דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל נָאכְגֶעפְרֶעגְט בֵּייא
גָאט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוער זָאל פַאר
אוּנְס צוּעֶרְשְׁט אַרוֹיפְגֵיין קֶעגֶען דֶעם
כְּנַעֲנִי, אוּם מִיט אִיהְם מִלְחָמָה צוּ
הַאלְטֶען?
2 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, יְהוּדָה
זָאל אַרוֹיפְגֵיין, זֶעה, אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען
דָאס לַאנְד אִין זַיינֶע הַאנְד:
3 אַזוֹי הָאט יְהוּדָה גֶעזָאגְט צוּ שִׁמְעוֹן
זַיין בְּרוּדֶער, גֵייא אַרוֹיף מִיט מִיר אִין
מֵיין גוֹרָל, אוּנְד מִיר וֶועלֶען מִלְחָמָה
הַאלְטֶען מִיט דֶעם כְּנַעֲנִי, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אוֹיךְ מִיט דִיר גֵיין אִין דֵיין גוֹרָל,
אַזוֹי אִיז שִׁמְעוֹן מִיט אִיהְם גֶעגַאנְגֶען:
4 אוּנְד יְהוּדָה אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען דֶעם כְּנַעֲנִי
אוּנְד דֶעם פְּרִזִּי אִין זַיירֶע הֶענְד, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען אִין בֶּזֶק
צֶעהְן טוֹיזֶענְד מַאן:
5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעפוּנֶען דֶעם
אֲדוֹנִי בֶזֶק אִין בֶזֶק, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
מִיט אִיהְם מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם כְּנַעֲנִי
אוּנְד דֶעם פְּרִזִּי:
6 אוּנְד אֲדוֹנִי בֶזֶק אִיז אֶנְטְלָאפֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעיָאגְט,
אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעכַאפְּט
אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען
זַיינֶע גְרָאבֶּע פִינְגֶער פוּן זַיינֶע הֶענְד
אוּנְד פוּן זַיינֶע פִיס:
7 אוּנְד אֲדוֹנִי בֶזֶק הָאט גֶעזָאגְט,
זִיבֶּעצִיג מְלָכִים וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט
זֵיירֶע גְרָאבֶּע פִינְגֶער פוּן זֵיירֶע הֶענְד
אוּנְד פוּן זֵיירֶע פִיס אָפְּגֶעהַאקְט פְלֶעגֶען
אוֹיפְקְלֵייבֶּען (זֵייעֶר עֶסֶען) אוּנְטֶער
מֵיין טִישׁ, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן,
אַזוֹי הָאט מִיר גָאט בֶּעצָאלְט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט נָאךְ
יְרוּשָׁלַם אוּנְד עֶר אִיז דָארְט גֶע־
שְׁטָארְבֶּען:
8 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה הָאבֶּען
מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט יְרוּשָׁלַם אוּנְד

זַייא הָאבֶּען עֶס אַיינְגֶענוּמֶען, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דִיא
שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁווֶערְט, אוּנְד דִיא
שְׁטָאט הָאבֶּען זַייא אָנְגֶעצִינְדֶען מִיט
פֵייעֶר :
9 אוּנְד דֶערְנָאךְ זֶענֶען דִיא קִינְדֶער
פוּן יְהוּדָה אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען מִלְחָמָה צוּ
הַאלְטֶען מִיט דֶעם כְּנַעֲנִי וָואס הָאט
גֶעוְואוֹינְט אוֹיף דֶעם בַּארְג, אוּנְד אִין
דָרוֹם־זַייט אוּנְד אִין דֶעם טְהָאל :
10 אוּנְד יְהוּדָה אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם
כְּנַעֲנִי וָואס הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין חֶבְרוֹן,
אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן חֶבְרוֹן אִיז פְרִיעֶר
גֶעוֶועזֶען קִרְיַת אַרְבַּע, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם שֵׁשַׁי, אוּנְד דֶעם אֲחִימַן,
אוּנְד דֶעם תַּלְמָי :
11 אוּנְד פוּן דָארְטֶען אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען
צוּ דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן דְבִיר, אוּנְד
דֶער נָאמֶען פוּן דְבִיר אִיז פְרִיעֶר
גֶעוֶועזֶען קִרְיַת סֵפֶר :
12 אוּנְד כָּלֵב הָאט גֶעזָאגְט, דֶער
וָואס וֶועט שְׁלָאגֶען קִרְיַת סֵפֶר אוּנְד
וֶועט זִיא אַיינְגֶעמֶען, צוּ דֶעם וֶועל
אִיךְ גֶעבֶּען מֵיינֶע טָאכְטֶער עַכְסָה
אַלְס אַ וַוייבּ :
13 אוּנְד עָתְנִיאֵל דֶער זוּהְן פוּן קְנַז,
דֶער בְּרוּדֶער פוּן כָּלֵב וָואס אִיז גֶע־
וֶועזֶען יוּנְגֶער פוּן אִיהְם הָאט זִיא
אַיינְגֶענוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעגֶעבֶּען זַיינֶע טָאכְטֶער עַכְסָה צוּ אַ
וַוייבּ :
14 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אִיהְר
קוּמֶען אַזוֹי הָאט זִיא אִיהְם אָנְגֶערֶעט
אַז עֶר זָאל פֶערְלַאנְגֶען פוּן אִיהְר
פָאטֶער אַ פֶעלְד, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ
אַרוּפְגֶענֵייגְט פוּן דֶעם אֵייזֶעל, אַזוֹי
הָאט כָּלֵב צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, וָואס
וִוילְסְט דוּא ?
15 אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
גִיבּ מִיר אַ בְּרָכָה, וָוארִין דוּא הָאסְט
מִיר גֶעגֶעבֶּען אַ דָרוֹם לַאנְד, גִיבּ מִיר
אוֹיךְ וַואסֶער קְוֶועלֶען ; אַזוֹי הָאט כָּלֵב
צוּ אִיהְר גֶעגֶעבֶּען דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע
קְוֶועלֶען אוּנְד דִיא אוּנְטֶערְשְׁטֶע
קְוֶועלֶען :
16 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן קֵינִי, דֶער
שְׁוֶוער פוּן משֶׁה, זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
פוּן דֶער שְׁטָאט פוּן דֵייטֶעל בֵּיימֶער
מִיט דִיא קִינְדֶער יְהוּדָה נָאךְ דֶער
מִדְבַּר יְהוּדָה וָואס אִיז אִין דָרוֹם־זַייט
פוּן עֲרָד, אוּנְד זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד
הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט מִיט דֶעם פָאלְק :
17 אוּנְד יְהוּדָה אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט
זַיין בְּרוּדֶער שִׁמְעוֹן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם כְּנַעֲנִי וָואס הָאט גֶע־
וְואוֹינְט אִין צְפַת, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
זִיא פֶערְווִיסְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶע־
רוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶער שְׁטָאט
חָרְמָה :
18 אוּנְד יְהוּדָה הָאט אַיינְגֶענוּמֶען
עַזָּה אוּנְד אִיהְרֶע גְרֶענֶעץ, אוּנְד
אַשְׁקְלוֹן אוּנְד אִיהְרֶע גְרֶענֶעץ, אוּנְד
עֶקְרוֹן אוּנְד אִיהְרֶע גְרֶענֶעץ :
19 אוּנְד גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט יְהוּדָה,
אוּנְד עֶר הָאט פֶערְטְרִיבֶּען (דִיא בֶּע־
וְואוֹינֶער) פוּן דֶעם בַּארְג, אָבֶּער עֶר
הָאט נִיט גֶעקֶענְט פֶערְטְרֵיבֶּען דִיא
בֶּעוְואוֹינֶער פוּן דֶעם טְהָאל, וַוייל זַייא
הָאבֶּען גֶעהַאט אֵייזֶערְנֶע רֵייט־וֶועגֶען :
20 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען חֶבְרוֹן
צוּ כָּלֵב, אַזוֹי וִויא משֶׁה הָאט צוּגֶעזָאגְט,
אוּנְד עֶר הָאט פוּן דָארְטֶען פֶערְטְרִיבֶּען
דִיא דְרֵייא זִיהְן פוּן עֲנָק :
21 אוּנְד דֶעם יְבוּסִי וָואס הָאט

גֶעוואוינְט אִין יְרוּשָׁלַם הָאבֶּען דִיא
קִינְדֶער פוּן בִּנְיָמִן נִיט פֶערטְרִיבֶּען,
נֵייעֶרְט דֶער יְבוּסִי הָאט גֶעוואוינְט
מִיט דִיא קִינְדֶער פוּן בִּנְיָמִן אִין יְרוּשָׁלַם
בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג:
22 אוּנְד דִיא פוּן דֶעם בֵּית יוֹסֵף,
זֵייא זֶענֶען אוֹיךְ אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען
בֵּית אֵל, אוּנְד גָאט אִיז מִיט זֵייא
גֶעוֶועזֶען:
23 אוּנְד דִיא פוּן בֵּית יוֹסֵף הָאבֶּען
אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעהְט בֵּית אֵל; אוּנְד דֶער
נָאמֶען פוּן דֶער שְׁטָאט אִיז פְרִיעֶר
גֶעוֶועזֶען לוּז:
24 אוּנְד וֶוען דִיא שׁוֹמְרִים הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען אַ מַאן אַרוֹיסְקוּמֶען פוּן דֶער
שְׁטָאט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, אִךְ בֶּעט דִיךְ צֵייג אוּנְס דָאס
אַרֵיינְקוּמֶען צוּ דֶער שְׁטָאט, אוּנְד מִיר
וֶועלֶען דִיר טְהוּן חֶסֶד:
25 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעווִיזֶען דָאס
אַרֵיינְקוּמֶען פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען דִיא שְׁטָאט
מִיט דִיא שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁוֶוערְט,
אָבֶּער דֶעם מַאן מִיט זֵיינֶע גַאנְצֶע
מִשְׁפָּחָה הָאבֶּען זֵייא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט:
26 אוּנְד דֶער מַאן אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ
דֶעם לַאנְד פוּן דִיא חִתִּים, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעבּוֹיעֶט אַ שְׁטָאט, אוּנְד עֶר
הָאט גֶערוּפֶען אִיהְר נָאמֶען לוּז, דָאס
אִיז אִיהְר נָאמֶען בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען
טָאג:
27 אוּנְד מְנַשֶּׁה הָאט אוֹיךְ נִיט פֶער-
טְרִיבֶּען דִיא בֶּעוואוינֶער פוּן בֵּית שְׁאָן
אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער, אוּנְד תַּעֲנַךְ
אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער, אוּנְד דִיא בֶּע-
וואוינֶער פוּן דוֹר אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער,
אוּנְד דִיא בֶּעוואוינֶער פוּן יִבְלְעָם אוּנְד
אִיהְרֶע דֶערְפֶער, אוּנְד דִיא בֶּעוואוינֶער
פוּן מְגִדּוֹ אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער, אוּנְד
דֶער כְּנַעֲנִי הָאט גֶעוָואלְט וואוינֶען אִין
דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד:
28 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען יִשְׂרָאֵל
הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא
גֶעמַאכְט אַז דֶער כְּנַעֲנִי זָאל זֵיין צוּ
מַס, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט אִים
גַאנְצֶען פֶערטְרִיבֶּען:
29 אוּנְד אֶפְרַיִם הָאט (אוֹיךְ) נִיט
פֶערטְרִיבֶּען דֶעם כְּנַעֲנִי וָואס הָאט
גֶעוואוינְט אִין גֶזֶר, אוּנְד דֶער כְּנַעֲנִי
הָאט גֶעוואוינְט צְווִישֶׁען זֵייא אִין גֶזֶר:
30 זְבוּלוּן הָאט אוֹיךְ נִיט פֶערטְרִיבֶּען
דִיא בֶּעוואוינֶער פוּן קִטְרוֹן אוּנְד דִיא
בֶּעוואוינֶער פוּן נַהֲלֹל, אוּנְד דֶער
כְּנַעֲנִי הָאט גֶעוואוינְט צְווִישֶׁען זֵייא,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען צוּ מַס:
31 אָשֵׁר הָאט אוֹיךְ נִיט פֶערטְרִיבֶּען
דִיא בֶּעוואוינֶער פוּן עַכּוֹ, אוּנְד דִיא
בֶּעוואוינֶער פוּן צִידוֹן, אוּנְד פוּן אַחְלָב,
אוּנְד פוּן אַכְזִיב, אוּנְד פוּן חֶלְבָּה, אוּנְד
פוּן אֲפִיק, אוּנְד פוּן רְחוֹב:
32 אוּנְד דֶער שֵׁבֶט אָשֵׁר הָאט גֶעוואוינְט
צְווִישֶׁען דֶעם כְּנַעֲנִי וָואס הָאבֶּען גֶע-
וואוינְט אִין דֶעם לַאנְד, וָוארִין זֵייא
הָאבֶּען זֵייא נִיט פֶערטְרִיבֶּען:
33 נַפְתָּלִי הָאט אוֹיךְ נִיט פֶערטְרִיבֶּען
דִיא בֶּעוואוינֶער פוּן בֵּית-שֶׁמֶשׁ, אוּנְד
דִיא בֶּעוואוינֶער פוּן בֵּית-עֲנָת, נֵייעֶרְט
הָאט גֶעוואוינְט צְווִישֶׁען דֶעם כְּנַעֲנִי,
דִיא בֶּעוואוינֶער פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד
דִיא בֶּעוואוינֶער פוּן בֵּית שֶׁמֶשׁ, אוּנְד
בֵּית עֲנָת, זֶענֶען צוּ זֵייא גֶעוָוארֶען
צוּ מַס:
34 אוּנְד דִיא אֱמוֹרִים הָאבֶּען גֶע-
צְווִינְגֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דָן (צוּ גֵיין)

צוּ דִיא בֶּערג, וָוארִין זַייא הָאבֶּען זַייא
נִיט גֶעלָאזְט אַרוּפְגַיין אִין טְהָאל:
35 אוּנְד דֶער אֱמוֹרִי הָאט גֶעוָואלְט
וְואוֹינֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג חֶרֶס אִין
אַיָּלוֹן, אוּנְד אִין שַׁעַלְבִים, אָבֶּער דִיא
הַאנְד פוּן בֵּית־יוֹסֵף אִיז שְׁטַארְק גֶע־
וֶועזֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען צוּ זַייא
גֶעוָוארֶען צוּ מַס:
36 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דֶעם אֱמוֹרִי
אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם אַרוּפְגַאנְג פוּן
עַקְרַבִּים, פוּן דֶעם סֶעלַע אוּנְד אַרוּיף צוּ:

קאפיטעל ב

1 אוּנְד דֶער מַלְאַךְ יְהֹוָה אִיז אַרוּיפְ־
גֶעגַאנְגֶען פוּן גִלְגָל צוּ בּוֹכִים, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ אֵייךְ
אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פוּן מִצְרַיִם אוּנְד הָאבּ
אֵייךְ אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט צוּ דֶעם לַאנְד
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁוָוארֶען צוּ אֵיירֶע
עֶלְטֶערְן, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיךְ
וֶועל נִיט צֶערשְׁטֶערֶען מֵיין בְּרִית מִיט
אֵייךְ אוֹיף אֵייבִּיג:
2 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט כּוֹרֵת בְּרִית
זַיין מִיט דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן דֶעם
דָאזִיגֶען לַאנְד, זַיירֶע מִזְבְּחוֹת זָאלְט
אִיהְר צוּשְׁטוֹיסֶען, אָבֶּער אִיהְר הָאט
נִיט גֶעהָארכְט צוּ מֵיין קוֹל, פַאר וָואס
הָאט אִיהְר דָאס גֶעטְהוּן?
3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ גֶעזָאגְט אַז
אִיךְ וֶועל זַייא נִיט פֶערְטְרַייבֶּען פוּן
פַאר אֵייךְ, אוּנְד זַייא וֶועלֶען צוּ אֵייךְ
זַיין (אַלְס דֶערְנֶער) צוּ אֵיירֶע זַייטֶען,
אוּנְד זַיירֶע גֶעטֶער וֶועלֶען צוּ אֵייךְ
וֶוערֶען צוּ אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג:
4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דֶער
מַלְאַךְ יְהֹוָה הָאט גֶערֶעט דִיא דָאזִיגֶע
וֶוערְטֶער צוּ אַלֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי
הָאבֶּען זַייא אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַייעֶר קוֹל,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעוַויינְט:
5 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּפֶען דֶעם
נָאמֶען פוּן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען אָרְט בּוֹכִים,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָארְט מַקְרִיב
גֶעוֶועזֶען קָרְבָּנוֹת צוּ גָאט:
6 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט
דָאס פָאלְק, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִיטְלִיכֶער צוּ זַיין
נַחֲלָה צוּ יַרְשְׁנֶען דָאס לַאנְד:
7 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאבֶּען גֶעדִינְט
גָאט אַלֶע טֶעג פוּן יְהוֹשֻׁעַ, אוּנְד אַלֶע
טֶעג פוּן דִיא זְקֵנִים וָואס הָאבֶּען
פֶערְלֶענְגֶערְט זַיירֶע טֶעג נָאךְ יְהוֹשֻׁעַ,
וָואס הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דִיא גְרוֹיסֶע
מַעֲשִׂים פוּן גָאט וָואס עֶר הָאט
גֶעטְהוּן צוּ יִשְׂרָאֵל:
8 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן, דֶער קְנֶעכְט
פוּן גָאט אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען (וֶוען) עֶר
אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען הוּנְדֶערְט אוּנְד
צֶעהְן יָאהְר:
9 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען
אִין דֶער גְרֶענֶעץ פוּן זַיין נַחֲלָה, אִין
תִּמְנַת־חֶרֶס, אִין דֶעם בַּארְג אֶפְרָיִם,
פוּן צָפוֹן־זַייט צוּ דֶעם בַּארְג גָעַשׁ:
10 אוּנְד אוֹיךְ דֶער דָאזִיגֶער גַאנְצֶער
דוֹר אִיז אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט גֶעוָוארֶען,
אוּנְד אַן אַנְדֶערֶער דוֹר אִיז נָאךְ זַייא
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט
יְהֹוָה, אוּנְד אוֹיךְ נִיט דִיא מַעֲשֶׂה וָואס
עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ יִשְׂרָאֵל:
11 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
גֶעטְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס אִין דִיא אוֹיגֶען
פוּן גָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעדִינְט
בְּעָלִים:
12 אוּנְד זַייא הָאבֶּען פֶערְלָאזְען יְהֹוָה,
דֶעם גָאט פוּן זַיירֶע עֶלְטֶערְן, וָואס
הָאט זַייא אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוֹיס דֶעם

לאנד

לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען נָאכְגֶעגַ־
גַאנְגֶען אַנְדֶערֶע גֶעטֶער, דִיא אָפְּגֶעטֶער
פוּן דִיא פֶעלְקֶער וָואס זֶענֶען אַרִינְגְסאַרוּם
זֵייא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּ זֵייא
גֶעבִּיקְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶערְצֶערְנְט
יְהוָֹה׃
13 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְלָאזֶען יְהוָֹה,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעדִינְט צוּ בַּעַל
אוּנְד צוּ עַשְׁתָּרוֹת׃
14 אוּנְד דֶער צָארְן פוּן יְהוָֹה הָאט
זִיךְ דֶערגְרִימְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
עֶר הָאט זֵייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין דִיא
הַאנְד פוּן דִיא רוֹיבֶּערְס אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זֵייא גֶערוֹיבְּט, אוּנְד עֶר הָאט
זֵייא פֶערְקוֹיפְט אִין דִיא הַאנְד פוּן
זֵייעֶרֶע פֵיינְד פוּן אַרוּמְגְסַארוּם, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען נִיט מֶעהְר גֶעקֶענְט
בֶּעשְׁטֵיין פַאר זֵייעֶרֶע פֵיינְד׃
15 אַלֶערְטְוֶועגֶען אַוְואוּ זֵייא זֶענְען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִיז דִיא הַאנְד פוּן
יְהוָֹה קֶעגֶען זֵייא גֶעוֶועזֶען צוּם בֵּייזֶען,
אַזוֹי וִויא יְהוָֹה הָאט גֶערֶעט, אוּנְד
אַזוֹי וִויא יְהוָֹה הָאט גֶעשְׁוָואוֹרֶען צוּ
זֵייא, אוּנְד עֶס אִיז צוּ זֵייא זֶעהְר
עֶנְג גֶעוֶועזֶען׃
16 אוּנְד גָאט הָאט צוּ זֵייא אוֹיפְגֶע־
שְׁטֶעלְט שׁוֹפְטִים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זֵייא גֶעהָאלְפֶען אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן
זֵייעֶרֶע רוֹיבֶּערְס׃
17 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ נִיט
גֶעוָואלְט הֶערֶען צוּ זֵייעֶרֶע שׁוֹפְטִים,
וָוארִין זֵייא הָאבֶּען מְזַנֶּה גֶעוֶועזֶען נָאךְ
דִיא פְרֶעמְדֶע אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ צוּ זֵייא גֶעבִּיקְט; זֵייא
הָאבֶּען גֶעשְׁווִינְד אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן דֶעם
וֶועג וָואס זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן זֶענֶען גֶעגַאנְ־
גֶען, צוּ גֶעהָארְכֶען דִיא מִצְוֹת פוּן גָאט;
אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט אַזוֹי גֶעטְהוּן׃
18 וָוארִין, וֶוען גָאט הָאט צוּ זֵייא
אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט שׁוֹפְטִים אַזוֹי אִיז גָאט
גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם שׁוֹפֵט, אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא גֶעהָאלְפֶען פוּן דֶער הַאנְד
פוּן זֵייעֶרֶע פֵיינְד, אַלֶע טֶעג פוּן דֶעם
שׁוֹפֵט, וֵוייל גָאט הָאט זִיךְ בֶּעדֶענְקְט
וֶועגֶען זֵייעֶר גֶעשְׁרֵייא, פוּן פַאר זֵייעֶרֶע
בֶּעדְרֶענְגֶער אוּנְד זֵייעֶרֶע אוּנְטֶערְדְרִיקֶער׃
19 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז דֶער
שׁוֹפֵט אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אַזוֹי הָאבֶּען
זֵייא זִיךְ אָפְּגֶעקֶעהְרְט אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ מֶעהְר פֶערְדָארְבֶּען וִויא זֵייעֶרֶע
עֶלְטֶערְן, נָאכְצוּגֵיין נָאךְ אַנְדֶערֶע גֶעטֶער
אוּם זֵייא צוּ דִינֶען; אוּנְד זִיךְ צוּ זֵייא
צוּ בִּיקֶען, זֵייא זֶענֶען נִיט אָפְּגֶעפַאלֶען
פוּן זֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים אוּנְד פוּן
זֵייעֶרֶע הַארְטֶע וֶועגֶען׃
20 אוּנְד דֶער צָארְן פוּן גָאט הָאט
זִיךְ דֶערְגְרִימְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֵוייל דָאס דָאזִיגֶע
פָאלְק הָאט עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען אוֹיף מֵיין
בְּרִית וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבָּאטֶען צוּ
זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט
גֶעוָואלְט הֶערֶען צוּ מֵיין קוֹל׃
21 אַזוֹי וֶועל אִיךְ נִיט מֶעהְר פֶערְ־
טְרֵייבֶּען אַ מַאן פוּן פַאר זֵייא פוּן
דִיא פֶעלְקֶער וָואס יְהוֹשֻׁעַ הָאט
אִיבֶּערְגֶעלָאזְט וֶוען עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען׃
22 אַז יִשְׂרָאֵל זָאל דוּרְךְ זֵייא גֶעפְּרִיפְט
וֶוערֶען אוֹיבּ זֵייא וֶועלֶען הִיטֶען דֶעם
וֶועג פוּן גָאט אוּם דַארִין צוּ גֵיין,
אַזוֹי וִויא זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען גֶעהִיט
אָדֶער נִיט׃
23 דַארוּם הָאט גָאט גֶעלָאזְט דִיא
דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער אַז עֶר זָאל זֵייא נִיט
גֶעשְׁווִינְד פֶערְטְרֵייבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט

זייא (אויך) ניט איבערגעגעבען אין
דיא האנד פון יהושע׃

## קאפיטעל ג

1 אונד דאס זענען דיא הײדען וואס
גאט האט איבערגעלאזען מיט זייא
דיא ישראל צו פּריפען, אלע דיא וואס
האבען ניט געוואוסט פון אלע מלחמות
פון כנען׃
2 נאר כדי דיא דורות פון דיא
קינדער ישראל זאלען וויסען אום זייא
דיא מלחמה צו לערנען—נאר צו
זאלכע וואס האבען ניט דערפון פריהער
געוואוסט׃
3 פינף הארען פון דיא פלשתים,
אונד אלע כנענים, אונד דיא צידונים,
אונד דער חוי וואס וואוינט אויף דעם
בארג לבנון פון דעם בארג בעל
חרמון, ביז מען קומט קיין חמת׃
4 אונד זייא זענען געוועזען דיא
ישראל מיט זייא צו פּריפען, אום צו
וויסען אויב זייא וועלען צו הערען
צו דיא מצות פון גאט, וואס ער האט
געגעבען צו זייערע עלטערן דורך
משה׃
5 אונד דיא קינדער ישראל האבען
געוואוינט צווישען דעם כנעני, דעם
חתי אונד דעם אמורי, אינד דעם
פרזי, אונד דעם חוי, אונד דעם יבוסי׃
6 אונד זייא האבען צו זיך גענומען
זייערע טעכטער פאר ווייבער, אונד
זייערע טעכטער האבען זייא געגעבען
צו זייערע זיהן, אונד זייא האבען
געדינט זייערע אפּגעטער׃
7 אונד דיא קינדער ישראל האבען
געטהון דאס וואס איז שלעכט אין
דיא אויגען פון גאט, אונד זייא האבען
פערגעסען דעם האר זייער גאט, אונד
זייא האבען געדינט דיא געצען בעלים
אונד דיא לינדען בײמער׃
8 אונד דער צארן פון גאט האט
דערגרימט קעגען ישראל, אונד ער
האט זייא איבערגעענטפערט אין דיא
האנד פון כושן רשעתים, מלך פון
ארם נהרים, אונד דיא קינדער ישראל
האבען געדינט דעם כושן רשעתים
אכט יאהר׃
9 אונד דיא קינדער ישראל האבען
געשריען, צו גאט, אזוי האט גאט
אויפגעשטעלט א העלפער צו דיא
קינדער ישראל, אונד ער האט זייא
געהאלפען, געמליך עתניאל דער זוהן
פון קנז, כלב'ס יונגערער ברודער׃
10 אונד דער רוח פון יהוה איז אויף
איהם געוועזען, אונד ער האט ישראל
געמשפּט, אונד ער איז ארויסגעגאנגען
מלחמה צו האלטען, אונד גאט האט
אין זיינע האנד געגעבען דעם כושן
רשעתים, קעניג פון ארם, אונד זיינע
האנד האט זיך געשטארקט קעגען
כושן רשעתים׃
11 אונד דאס לאנד איז שטיל גע־
וועזען פירציג יאהר, אונד עתניאל
זוהן פון קנז איז געשטארבען׃
12 אונד דיא קינדער ישראל האבען
ווידער שלעכטעס געטהון אין דיא
אויגען פון גאט, אונד גאט האט גע־
שטארקט דעם עגלון מלך פון מואב
קעגען ישראל, ווייל זייא האבען געטהון
דאס בייזע אין דיא אויגען פון גאט׃
13 אונד ער האט צו זיך איינגע־
זאמעלט דיא בני עמון, אונד עמלק,
אונד ער איז געגאנגען אונד האט
געשלאגען ישראל, אונד זייא האבען
איינגענומען עיר התמרים׃

14 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעדִינְט דֶעם עֶגְלוֹן קֶענִיג פוּן מוֹאָב אַכְטְצֶען יָאהְר:

15 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן צוּ גָאט, אוּנְד גָאט הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר זֵייא אַ הֶעלְפֶער, דֶעם אֵהוּד זוּהְן פוּן גֵרָא, פוּן שֵׁבֶט בִּנְיָמִן, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן שְׁוַואךְ אִין זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען דוּרְךְ אִיהְם גֶעשִׁיקְט אַ מַתָּנָה צוּ עֶגְלוֹן מֶלֶךְ פוּן מוֹאָב:

16 אוּנְד אֵהוּד הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַ שַׁארְפֶע שְׁוֶוערְד מִיט צְוֵוייא שַׁארְפֶען, אַ גוֹמֶד לַאנְג, אוּנְד עֶר הָאט זִיא אָנְגֶעגַארְטֶעלְט הִינְטֶער זֵיין קְלֵייד, אוֹיף זֵיינֶע רֶעכְטֶע זֵייט:

17 אוּנְד עֶר הָאט נָאהֶענְט גֶעבְּרֶענְגְט דִיא מַתָּנָה צוּ עֶגְלוֹן מֶלֶךְ פוּן מוֹאָב, אוּנְד עֶגְלוֹן אִיז גֶעוֶועזֶען אַ זֶעהְר פֶעטֶער מַאן:

18 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר הָאט גֶעעֶנְדִיגְט נָאהֶענְט צוּ בְּרֶענְגֶען דִיא מַתָּנָה אַזוֹי הָאט עֶר אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט דָאס פָאלְק וָואס הָאט גֶעטְרָאגֶען דִיא מַתָּנָה:

19 אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט פוּן דִיא גֶעצֶענְבִּילְדֶער וָואס זֶענֶען אִין גִלְגָל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ דִיר אַ גֶעהֵיימְנִיס צוּ זָאגֶען, אָ קֶענִיג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֵייא שְׁטִיל, אוּנְד אַלֶע וָואס זֶענֶען בֵּייא אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען זֶענֶען פוּן אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען:

20 אוּנְד אֵהוּד אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אִין דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע קִיהְלֶע שְׁטוּבּ, פַאר זִיךְ אַלֵיין, אוּנְד אֵהוּד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ דִיר צוּ זָאגֶען אַ גֶעטְלִיכֶע זַאךְ, אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן זֵיין שְׁטוּהְל:

21 אוּנְד אֵהוּד הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען דָאס שְׁוֶוערְד פוּן זֵיינֶע רֶעכְטֶע זֵייט, אוּנְד עֶר הָאט זִיא אַרֵיינְגֶעשְׁטָאכֶען אִין זֵיין בּוֹיךְ:

22 אוּנְד דָאס שְׁטִיל אִיז אוֹיךְ אַרֵיינְגֶעקוּמֶען נָאךְ דֶער קְלִינְג, אוּנְד דָאס חֵלֶב הָאט פֶערְשְׁלָאסֶען אוּנְד בֶּעדֶעקְט דִיא קְלִינְג, וָוארִין עֶר הָאט נִיט אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען דָאס שְׁוֶוערְד פוּן זֵיין בּוֹיךְ, אָבֶּער דָאס מִיסְט אִיז פוּן אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען:

23 אוּנְד אֵהוּד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ דֶעם פָארְהוֹיז, אוּנְד עֶר הָאט וֶועגֶען אִיהְם פֶערְשְׁלָאסֶען דִיא טְהִיר פוּן דֶער אוֹיבֶּער־שְׁטוּבּ, אוּנְד פֶערְרִיגֶעלְט:

24 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַזוֹי זֶענֶען זֵיינֶע קְנֶעכְט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז דִיא טְהִירֶען פוּן דֶער אוֹיבֶּער־שְׁטוּבּ זֶענֶען פֶערְשְׁלָאסֶען אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, עֶר הָאט נָאר בֶּעדֶעקְט זֵיינֶע פִּיס אִין דֶער קִיהְלֶען שְׁטוּבּ:

25 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעוַוארְט בִּיז זֵייא זֶענֶען פֶערְשֶׁעמְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֶעה, דִיא טְהִירֶען פוּן דֶער אוֹיבֶּער־שְׁטוּבּ זֶענֶען נִיט אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶענוּמֶען דֶעם שְׁלִיסֶעל אוּנְד הָאבֶּען אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּנְד זֶעה, זֵייעֶר הַאר אִיז גֶעפַאלֶען צוּ דֶער עֶרְד טוֹיט:

26 אוּנְד אֵהוּד אִיז עֶנְטְלָאפֶען ווייל זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעזוּימְט, אוּנְד עֶר אִיז פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען אַזוֹי מֶען

הַאקְט דִיא שְׁטֵיינֶער, אוּנְד אִיז עֶנְטְ־
לָאפֶען נָאךְ שְׂעִיר:
27 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען
הָאט עֶר גֶעבְּלָאזֶען מִיט דֶעם שׁוֹפָר
אוֹיף דֶעם בַּארְג אֶפְרָיִם, אַזוֹי זֶענֶען
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל מִיט אִיהְם אַרוּפּ־
גֶענִידֶערְט פוּן דֶעם בַּארְג, אוּנְד עֶר
אִיז פָאר זֵייא גֶעוֶועזֶען:
28 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
יָאגְט מִיר נָאךְ, וָוארִין גָאט הָאט
גֶעגֶעבֶּען אֵיירֶע פֵיינְד מוֹאָב אִין אֵיירֶע
הֶענְד — אוּנְד זֵייא זֶענֶען הִינְטֶער אִיהְם
אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אֵיינְגֶענוּמֶען דִיא אִיבֶּערְפָאהְרְטֶען פוּן
דֶעם יַרְדֵן, קֶעגֶען מָאָב, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען קֵיין מַאן נִיט גֶעלָאזְט אִיבֶּערְ־
פָאהְרֶען:
29 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִין דֶערזֶעלְבִּיגֶע
צֵייט גֶעשְׁלָאגֶען פוּן מוֹאָב אַן עֶרֶךְ פוּן
צֶעהְן טוֹיזֶענְד מַאן, נֶעמְלִיךְ אַלֶע פֶּעטֶע
לֵייט אוּנְד אִיטְלִיכֶען שְׁטַארְקֶען הֶעלְד,
אוּנְד קֵיינֶער אִיז פוּן זֵייא נִיט עֶנְטְרִינֶען
גֶעוָוארֶען:
30 אוּנְד אַזוֹי אִיז מוֹאָב אִין דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען טָאג אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעוָוארֶען
אוּנְטֶער דִיא הַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
דָאס לַאנְד אִיז שְׁטִיל גֶעוֶועזֶען אַכְטְצִיג
יָאהְר:
31 אוּנְד נָאךְ אִיהְם אִיז גֶעוֶועזֶען
שַׁמְגַר, זוּהְן פוּן עֲנָת, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעשְׁלָאגֶען (פוּן) דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶעקְס
הוּנְדֶערְט מַאן, מִיט אַ גֶעוֵויין אֵייזֶען
פוּן רִינְדֶער, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ
גֶעהָאלְפֶען יִשְׂרָאֵל:

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
ווִידֶער שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן אִין דִיא
אוֹיגֶען פוּן גָאט, אוּנְד אֵהוּד אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען:
2 אוּנְד גָאט הָאט זֵייא אִיבֶּערְגֶע־
עֶנְטְפֶערְט אִין דִיא הַאנְד פוּן יָבִין מֶלֶךְ
פוּן כְּנַעַן, וָואס הָאט רֶעגִירְט אִין
חָצוֹר, אוּנְד זֵיין הוֹיפְּטמַאן אִיז גֶעוֶועזֶען
סִיסְרָא, אוּנְד עֶר הָאט גֶעווָאוֹינְט אִין
חֲרוֹשֶׁת פוּן דִיא גוֹיִם:
3 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
גֶעשְׁרִיגֶען צוּ גָאט, וָוארִין עֶר הָאט
גֶעהָאט נֵיין הוּנְדֶערְט אֵייזֶערְנֶע רֵייטְ־
וֶועגֶען, אוּנְד עֶר הָאט דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל שְׁטַארְק אוּנְטֶערְדְרִיקְט צְוַואנְצִיג
יָאהְר:
4 אוּנְד דְבוֹרָה אִיז גֶעוֶועזֶען אַ נְבִיאָה,
דָאס ווֵייבּ פוּן לַפִּידוֹת, זִיא הָאט צוּ
דֶער דָאזִיגֶער צֵייט גֶעמִשְׁפָּט יִשְׂרָאֵל:
5 אוּנְד זִיא הָאט גֶעווָאוֹינְט אוּנְטֶער
דֶעם טֵייטֶעל־בּוֹים פוּן דְבוֹרָה, צְווִישֶׁען
רָמָה אוּנְד צְווִישֶׁען בֵּית־אֵל אוֹיף דֶעם
בַּארְג אֶפְרָיִם, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
זֶענֶען צוּ אִיהְר אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם
מִשְׁפָּט:
6 אוּנְד זִיא הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט אוּנְד
הָאט גֶעלָאזְט רוּפֶען בָּרָק זוּהְן פוּן
אֲבִינוֹעַם אוֹיס קֶדֶשׁ אִין נַפְתָּלִי, אוּנְד
זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הָאט נִיט
דֶער הַאר גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל גֶעבָּאטֶען,
גֵייא אוּנְד צִיהֶע דִיךְ קֶעגֶען דֶעם בַּארְג
תָּבוֹר, אוּנְד נֶעם מִיט דִיר צֶעהְן
טוֹיזֶענְד מַאן פוּן דִיא קִינְדֶער נַפְתָּלִי
אוּנְד פוּן דִיא קִינְדֶער זְבֻלוּן?
7 אוּנְד אִיךְ וֶועל (אוֹיךְ) צוּ דִיר צִיהֶען
צוּ דֶעם טֵייךְ קִישׁוֹן סִיסְרָא דֶעם
הוֹיפְּטמַאן פוּן יָבִין, מִיט זֵיינֶע רֵייטְ־
וֶועגֶען, אוּנְד זֵיינֶע מַאסֶע, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אִיהְם גֶעבֶּען אִין דֵיינֶע הַאנְד:

8 אוּנְד בָּרָק הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
װען דוּא װעסְט מִיט מִיר גֵיין אַזוֹי
װעל אִיךְ אוֹיךְ גֵיין, אָבֶּער װען דוּא
װעסְט נִיט מִיט מִיר גֵיין װעל אִיךְ
(אוֹיךְ) נִיט גֵיין:
9 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ װעל
גֶעװִיס מִיט דִיר גֵיין, נֵייעֶרְט דֶער װעג
װָאס דוּא גֵייסְט װעט נִיט זַיין צוּ דַיין
שֵׁיינְקַייט, װָארִין גָאט װעט אִיבֶּערְ־
עֶנְטפֶערְן דֶעם סִיסְרָא אִין דִיא הַאנְד
פוּן אַ פְרוֹי; אַזוֹי אִיז דְבוֹרָה אוֹיפְ־
גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט
בָּרָק נָאךְ קֶדֶשׁ:
10 אוּנְד בָּרָק הָאט צוּזַאמֶען גֶערוּפֶען
זְבוּלֻן אוּנְד נַפְתָּלִי נָאךְ קֶדֶשׁ, אוּנְד עֶר
אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען מִיט צֶעהְן טוֹיזֶענְד
מַאן צוּ פוּס, אוּנְד דְבוֹרָה אִיז אוֹיךְ
מִיט אִיהְם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען:
11 אוּנְד חֶבֶר דֶער קֵינִי װָאס אִיז
גֶעװֶעזֶען פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן חוֹבָב,
מֹשֶׁה'ס שְׁװֶער, הָאט זִיךְ אָפְּגֶעשֵׁיידְט
פוּן קַיִן, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט
זַיין גֶעצֶעלְט בִּיז צוּ דֶעם פְּלוֹין בֵּייא
צַעֲנַנִּים, װָאס אִיז בֵּייא קֶדֶשׁ:
12 אוּנְד מֶען הָאט אָנְגֶעזָאגְט צוּ
סִיסְרָא אַז בָּרָק דֶער זוּהְן פוּן אֲבִינוֹעַם
אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג
תָּבוֹר:
13 אַזוֹי הָאט סִיסְרָה צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען
אַלֶע זַיינֶע נַיין הוּנְדֶערְט אַייזֶערְנֶע
רֵייטְװֶעגֶען, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק
װָאס אִיז מִיט אִיהְם גֶעװֶעזֶען אוֹיס
חֲרוֹשֶׁת הַגּוֹיִם צוּ דֶעם טַייךְ קִישׁוֹן:
14 אוּנְד דְבוֹרָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ בָּרָק,
שְׁטֵייא אוֹיף, װָארִין דָאס אִיז דֶער
טָאג װָאס גָאט װעט גֶעבֶּען דֶעם
סִסְרָא אִין דַיינֶע הַאנְד, אִיז דֶען נִיט
יְהֹוָה פָאר דִיר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען? אַזוֹי
אִיז בָּרָק אַרוּפְגֶענִידֶערְט פוּן דֶעם בַּארְג
תָּבוֹר אוּנְד צֶעהְן טוֹיזֶענְד מַאן הִינְטֶער
אִיהְם:
15 אוּנְד גָאט הָאט פֶערְטִימֶעלְט דֶעם
סִיסְרָא, אוּנְד אַלֶע רֵייטְװֶעגֶען, אוּנְד
דִיא גַאנְצֶע מַחֲנֶה מִיט דִיא שַׁארְף פוּן
דֶעם שְׁװֶערְט פָאר בָּרָק, אוּנְד סִיסְרָא
אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם רֵייטְװָאגֶען
אוּנְד עֶר אִיז צוּ פוּס עֶנְטְלָאפֶען:
16 אָבֶּער בָּרָק הָאט נָאכְגֶעיָאגְט דִיא
רֵייטְװֶעגֶען אוּנְד נָאךְ דֶער מַחֲנֶה בִּיז
נָאךְ חֲרוֹשֶׁת הַגּוֹיִם, אַזוֹי אִיז דִיא
גַאנְצֶע מַחֲנֶה פוּן סִיסְרָא גֶעפַאלֶען
דוּרְךְ דִיא שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁװֶערְט,
עֶס אִיז נִיט אֵיינֶער אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען:
17 אוּנְד סִיסְרָא אִיז צוּ פוּס עֶנְטְלָאפֶען
צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן יָעֵל, דָאס װַייבּ
פוּן חֶבֶר דֶעם קֵינִי, װָארִין עֶס אִיז
גֶעװֶעזֶען שָׁלוֹם צְװִישֶׁען יָבִין קֶענִיג פוּן
חָצוֹר אוּנְד צְװִישֶׁען דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד
פוּן חֶבֶר דֶעם קֵינִי:
18 אוּנְד יָעֵל אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
עֶנְטְקֶעגֶען סִסְרָא, אוּנְד זִיא הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, קֶעהְר אַיין, מֵיין הַאר,
קֶעהְר אַיין צוּ מִיר! הָאבּ קֵיין מוֹרָא
נִיט, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ אִיהְר אַיינְ־
גֶעקֶעהְרְט אִין אִיהְר גֶעצֶעלְט, אוּנְד
זִיא הָאט אִיהְם צוּגֶעדֶעקְט מִיט אַ
מַאנְטֶעל:
19 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
אִיךְ בֶּעט דִיךְ, גִיבּ מִיר אַ בִּיסֶעל
װַאסֶער צוּ טְרִינְקֶען, װָארִין אִיךְ בִּין
דָארְשְׁטִיג; אַזוֹי הָאט זִיא אוֹיפְגֶעמַאכְט
דָאס לָאגֶעל מִיט מִילְךְ אוּנְד זִיא הָאט
אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען, אוּנְד זִיא
הָאט אִיהְם (װִידֶער) צוּגֶעדֶעקְט:

20 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
שְׁטֶעל דִיךְ בֵּייא דֶער טְהִיר פוּן דֶעם
גֶעצֶעלְט, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז
אִימֶעצֶער וֶועט קוּמֶען אוּנְד וֶועט דִיךְ
פְרֶעגֶען אוּנְד זָאגֶען, אִיז דָא אַ מַאן ?
אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זָאגֶען, נֵיין :
21 אוּנְד יָעֵל, דָאס ווייבּ פוּן חֶבֶר
הָאט גֶענוּמֶען אַ נָאגֶעל פוּן דֶעם גֶע־
צֶעלְט, אוּנְד גֶענוּמֶען דֶעם הַאמֶער אִין
דִיא הַאנְד, אוּנְד זִיא אִיז צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען שְׁטִילֶערְהֵייט אוּנְד זִיא הָאט
אַרֵיינְגֶעשְׁלָאגֶען דֶעם נָאגֶעל אִין זֵיינֶע
שְׁלֵייף דוּרְךְ אוּנְד דוּרְךְ בִּיז צוּ דֶער
עֶרְד, וֶוען עֶר הָאט גֶעשְׁלָאפֶען אוּנְד
אִיז גֶעוֶועזֶען מִיד, אוּנְד עֶר אִיז גֶע־
שְׁטָארְבֶּען :
22 אוּנְד זֶעה, בָּרָק הָאט נָאכְגֶעיָאגְט
דֶעם סִיסְרָא, אַזוֹי אִיז יָעֵל אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען, אוּנְד זִיא
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, קוּם אוּנְד אִיךְ
וֶועל דִיר וֵוייזֶען דֶעם מַאן וָואס דוּא
זוּכְסְט, אוּנְד עֶר אִיז צוּ אִיהְר אַרֵיינְ־
גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֶעה, סִיסְרָא אִיז
אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען טוֹיט, אוּנְד אַ נָאגֶעל
אִיז גֶעוֶועזֶען אִין זֵיינֶע שְׁלֵייף :
23 אוּנְד גָאט הָאט אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט דֶעם יָבִין
מֶלֶךְ פוּן כְּנַעַן פַאר דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל :
24 אוּנְד דִיא הַאנְד פוּן דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל אִיז אִיטְלִיכֶעס מָאל שְׁטַארְקֶער
גֶעוָוארֶען קֶעגֶען יָבִין קֶענִיג פוּן כְּנַעַן,
בִּיז זֵייא הָאבֶּען פֶערְטִילְגְט דֶעם יָבִין
קֶענִיג פוּן כְּנַעַן :

קאפיטעל ה

1 אַזוֹי הָאבֶּען דְבוֹרָה אוּנְד בָּרָק זוֹהְן
פוּן אֲבִינוֹעַם אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג
גֶעזוּנְגֶען—אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
2 וֶוען מֶען הָאט אַ בְּרֶעכֶענִים גֶעטְהוּן
אִין יִשְׂרָאֵל, הָאט זִיךְ דָאס פָאלְק
בֶּעוִוילִיגְט, אוּנְד זֵייא לוֹיבֶּען גָאט :
3 הֶערְט עֶס, אָ אִיהְר קֶענִיגֶע, פֶערְ־
נֶעמְט עֶס, אִיהְר רַאט-הֶארֶען, אִיךְ, יָא
אִיךְ וֶועל זִינְגֶען צוּ גָאט—אִיךְ וֶועל
זִינְגֶען צוּ יְהֹוָה דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל :
4 אָ יְהֹוָה, אִין דֵיין אַרוֹיסְגֵיין פוּן
שֵׂעִיר, אִין דֵיין אוֹיפְטְרֶעטֶען פוּן דֶעם
פֶעלְד אֱדוֹם אַזוֹי הָאט דִיא עֶרְד גֶע־
צִיטֶערְט, אוֹיךְ דִיא הִימֶעל הָאבֶּען
גֶעטְרִיפְט (טַל) ; אוֹיךְ דִיא וָואלְקֶען
הָאבֶּען גֶעטְרִיפְט וַואסֶער :
5 דִיא בֶּערְג זֶענֶען צוּרִינֶען גֶעוָוארֶען
פַאר גָאט, יָא, דֶער דָאזִיגֶער (בַּארְג)
סִינַי פוּן פַאר יְהֹוָה, דֶעם גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל :
6 אִין דִיא טֶעג פוּן שַׁמְגַר, זוֹהְן פוּן
עֲנָת,—אִין דִיא טֶעג פוּן יָעֵל—הָאבֶּען
זִיךְ דִיא שְׁטֶעגֶען פֶערְמִיטֶען, אוּנְד דִיא
וָואס זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא שְׁטֶעגֶען,
הָאבֶּען אַרוּמְגֶעוַואנְדֶערְט אוֹיף קְרִימֶע
וֶועגֶען :
7 דִיא אָפֶּענֶע שְׁטֶעט הָאבֶּען גַאנְץ
אוֹיפְגֶעהֶערְט אִין יִשְׂרָאֵל—בִּיז אִיךְ
דְבוֹרָה בִּין אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אִיךְ בִּין
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען צוּ זַיין אַ מוּטֶער אִין
יִשְׂרָאֵל :
8 זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְט נֵייעֶ
אָפְּגֶעטֶער—דֶענְסְטְמָאל אִיז גֶעוֶועזֶען
מִלְחָמָה אִין דִיא טוֹיעֶרֶן, אִיז דֶען
גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען אַ פַּאנְצֶער אָדֶער
אַ שְׁפִּיז אוּנְטֶער פִירְצִיג טוֹיזֶענְד אִין
יִשְׂרָאֵל ?
9 מֵיין הַארְץ גֶעהֶער צוּ דִיא קְרִיצְ־
לֶערְס (גֶעזֶעץ גֶעבֶּערְס) פוּן יִשְׂרָאֵל,

וָואס הָאבֶּען זִיךְ פְרֵייוִוילִיג גֶעמַאכְט אוּנְטֶער דֶעם פָאלְק, לוֹיבְּט גָאט׃

10 דִיא וָואס אִיהְר רֵייטֶעט אוֹיף וַוייסֶע אֵייזֶעלְן, דִיא וָואס אִיהְר וְואוֹינְט בֵּייא מִדִין; אוּנְד וָואס אִיהְר גֵייט אוֹיף דֶעם וֶועג,—דֶענְקְט דַארִיבֶּער נָאךְ׃

11 פוּן וֶועגֶען דֶעם קוֹל פוּן דִיא שִׁיסֶערְס צְווִישֶׁען דִיא וַואסֶער שֶׁעפֶּערְס, דָארְט זָאלֶען זֵייא דֶערְצֵיילֶען דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען פוּן גָאט, דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען פוּן זֵיירֶע פְרֵייעֶ שְׁטֶעט אִין יִשְׂרָאֵל, דֶענְסְטְמָאל וֶועלֶען דָאס פָאלְק פוּן גָאט אַרוּפְגֵיין צוּ דִיא טוֹיעֶרְן׃

12 דֶערְוֶועק דִיךְ, דֶערְוֶועק דִיךְ דְבוֹרָה! דֶערְוֶועק דִיךְ, דֶערְוֶועק דִיךְ, רֶעד (אָדֶער זִינְג) אַ לִיד! שְׁטֵייא אוֹיף בָּרָק אוּנְד פִיהְר דֵיינֶע גֶעפַאנְגֶענֶע דוּא זוּהְן פוּן אֲבִינוֹעַם׃

13 דֶענְסְטְמָאל הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַרוּנְטֶערְגֵיין דִיא אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג אוּנְטֶער דִיא מֶעכְטִיגֶע פוּן דֶעם פָאלְק, יְהֹוָה אִיז צוּ מִיר אַרוּנְטֶערְגֶעקוּמֶען אוּנְטֶער דִיא שְׁטַארְקֶע׃

14 פוּן אֶפְרַיִם אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען זֵייעֶר וָוארְצֶעל אִין עֲמָלֵק, נָאךְ דִיר בִּנְיָמִן מִיט דֵיינֶע פֶעלְקֶער, פוּן מָכִיר זֶענֶען אַרוּנְטֶערְגֶעקוּמֶען דִיא גֶעזֶעצְגֶעבֶּער, אוּנְד פוּן זְבוּלוּן דִיא וָואס שְׁרֵייבֶּען מִיט דִיא פֶעדֶער׃

15 אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן יִשָּׂשכָר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט דְבוֹרָה, אוּנְד (דִיא אִיבְּרִיגֶע פוּן) יִשָּׂשכָר זֶענֶען אוֹיךְ אַזוֹי גֶעוֶועזֶען מִיט בָּרָק, אִין דֶעם טְהָאל אִיז עֶר צוּ פוּס גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען, בֵּייא דִיא טֵייכֶען פוּן רְאוּבֵן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גְרוֹסֶע הֶערְצֶענְס בֶּערַאטוּנְגֶען׃

16 וַוארוּם בִּיזְט דוּא גֶעבְּלִיבֶּען צְווִישֶׁען סְטַאדֶעס, אוּם צוּ הֶערֶען דָאס גֶעשְׁרֵייא פוּן דִיא סְטַאדֶעס, בֵּייא דִיא צֶערְטֵיילוּנְג פוּן רְאוּבֵן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גְרוֹיסֶע הֶערְצֶענְס בֶּערַאטוּנְגֶען׃

17 גִלְעָד הָאט גֶערוּהְט אוֹיף יֶענֶער זֵייט יַרְדֵן, אָבֶּער דָן—פַאר וָואס הָאט עֶר גֶעווְאוֹינְט אִין שִׁיפֶען? אָשֵׁר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בֵּייא דֶעם בָּארְטֶען פוּן יַמִים, אוּנְד עֶר הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין זֵיינֶע אוֹיסְגֶעבְּרָאכֶענֶע שְׁטֶעט׃

18 זְבוּלוּן אוּנְד נַפְתָּלִי זֶענֶען אַ פָאלְק וָואס הָאבֶּען גֶעוָואגְט (אָדֶער אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט) זֵייעֶר לֶעבֶּען צוּ דֶעם טוֹיט אוֹיף דֶעם הוֹיכֶען שְׁלַאכְט-פֶעלְד׃

19 דִיא מְלָכִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען, דֶענְסְטְמָאל הָאבֶּען דִיא מְלָכִים פוּן כְּנַעַן מִיט זֵייא מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען—אִין תַּעֲנָךְ בֵּייא דֶעם וַואסֶער פוּן מְגִדוֹ, זֵייא הָאבֶּען נִיט קֵיין גֶעלְד דֶערְפַאר גֶענוּמֶען׃

20 פוּן הִימֶעל הָאט מֶען מִיט זֵייא מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען, דִיא שְׁטֶערְן פוּן זֵייעֶרֶע שְׁטֶעגֶען הָאבֶּען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט סִיסְרָא׃

21 דֶער טֵייךְ קִישׁוֹן הָאט זֵייא דֶערְטְרִינְקֶען, דֶער טֵייךְ קְדוּמִים אִיז דֶער טֵייךְ קִישׁוֹן, אָ מֵיינֶע זֶעלֶע, דוּא הָאסְט צוּטְרֶעטֶען שְׁטַארְקֶע׃

22 דֶענְסְטְמָאל זֶענֶען דִיא קְלָאעֶן פוּן דִיא פֶערְד צוּקְלַאפְּט גֶעוָוארֶען, וֶועגֶען דֶעם שְׁפְּרִינְגֶען, דֶעם שְׁפְּרִינְגֶען פוּן זֵיינֶע שְׁטַארְקֶע (רֵייטֶער)׃

23 שִׁילְט מֵרוֹז—זָאגְט דֶער מַלְאַךְ יְהֹוָה—פֶערְשָׁאלְטֶען זָאלֶען זֵיין אִיהְרֶע אֵיינְוְואוֹינֶער וַוייל זֵייא זֶענֶען נִיט גֶעקוּמֶען צוּ דֶער הִילְפֶע פוּן יְהֹוָה, צוּ

דֶער הִילְף פוּן יְהֹוָה קֶעגֶען דִיא
שְׁטַארְקֶע :
24 גֶעבֶּענְשְׁט אוּנְטֶער דִיא ווייבֶּער
אִיז יָעֵל, דָאס ווייבּ פוּן חֶבֶר הַקֵינִי,
זִיא זָאל זַיין מֶעהְר גֶעבֶּענְשְׁט פוּן דִיא
ווייבֶּער אִין דֶעם גֶעצֶעלְט :
25 עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען וַואסֶער—אָבֶּער
זִיא הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען מִילְךְ, זִיא
הָאט צוּ אִיהְם נָאהֶענְט גֶעבְּרַאכְט
פִּיטֶער אִין אַ הֶערְלִיכֶען טֶעלֶער :
26 זִיא הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט אִיהְרֶע
הַאנְד צוּ אַ נָאגֶעל, אוּנְד אִיהְרֶע רֶעכְטֶע
הַאנְד צוּ אֵיין אַרְבֵּייטֶערְס הַאמֶער,
אוּנְד מִיט דֶעם הַאמֶער הָאט זִיא דֶעם
סִיסְרָא׳ דֶען קָאפּ צוּקְלַאפְּט, אוּנְד גֶע־
שְׁפָּאלְטֶען אוּנְד דוּרְכְגֶעשְׁטָאכֶען זַיין
שְׁלֵייף :
27 צְווִישֶׁען אִיהְרֶע פִּיס הָאט עֶר
גֶעקְנִיעֶט אוּנְד אִיז גֶעפַאלֶען, עֶר הָאט
זִיךְ גֶעלֵייגְט—צְווִישֶׁען אִיהְרֶע פִּיס
הָאט עֶר גֶעקְנִיעֶט אוּנְד אִיז גֶעפַאלֶען
—אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעקְנִיעֶט דָארְט
אִיז עֶר טוֹיט אַנִידֶער גֶעפַאלֶען (דֶער
רוֹיבֶער) :
28 סִיסְרָא׳ס מוּטֶער הָאט אַרוֹיסְ־
גֶעקוּקְט דוּרְךְ דֶעם פֶּענְסְטֶער, אוּנְד
זִיא הָאט גֶעשְׁרִיגֶען—דוּרְךְ דֶעם קְלֵיינֶעם
פֶּענְסְטֶער, פַאר וָואס זוֹימְט זִיךְ זַיין
רֵייטְוָואגֶען צוּ קוּמֶען? פַאר וָואס
זוֹימֶען זִיךְ אַזוֹי לַאנְג דִיא רֶעדֶער פוּן
זַיין רֵייטְוָואגֶען?
29 דִיא קְלוּגֶע עֶדֶעלֶע פְרוֹיעֶן הָאבֶּען
אִיהְר גֶעעֶנְטְפֶערְט,—יָא זִיא אַלֵיין הָאט
זִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד צוּ זִיךְ גֶעזָאגְט :
30 הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעפוּנֶען? הָאבֶּען
זֵייא זִיךְ נִיט אוֹיסְגֶעטֵיילְט רוֹיבּ? צוּ
אִיטְלִיכֶען מַאן אַ מֶעדֶעל אָדֶער צְווייא,
אַ זַאקְרוֹיבּ פוּן גֶעפַארְבְּטֶע קְלֵיידֶער
צוּ סִיסְרָא, אַ זַאקְרוֹיבּ פוּן גֶעפַארְבְּטֶע
קְלֵיידֶער גֶעוֶועבְּט, וָואס זֶענֶען גֶע־
פַארְבְּט אוֹיף בֵּיידֶע זֵייטֶען וָואס פַּאסְט
צוּ דִיא הֶעלְזֶער פוּן דִיא וָואס נֶעמֶען
דֶעם רוֹיבּ :
31 אַזוֹי זָאלֶען פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען אַלֶע
דֵיינֶע פֵיינְדֶע, אָ יְהֹוָה! אוּנְד זֵיינֶע
לִיבְּהָאבֶּער וֶועלֶען זַיין וִויא דִיא זוּן
וָואס גֵייט אַרוֹיס אִין זֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט;
אוּנְד דָאס לַאנְד הָאט גֶערוּהְט
פִירְצִיג יָאהְר :

קאפּיטעל ו

1 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
גֶעטְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן
גָאט, אוּנְד גָאט הָאט זֵייא אִיבֶּערְ־
גֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן מִדְיָן
זִיבֶּען יָאהְר :
2 אוּנְד דִיא הַאנְד פוּן מִדְיָן הָאט זִיךְ
גֶעשְׁטַארְקְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד פוּן
וֶועגֶען דֶעם וָואס מִדְיָן הָאט צוּ זֵייא
גֶעטְהוּן, הָאבֶּען זִיךְ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
גֶעמַאכְט הֵיילֶען אִין דִיא בֶּערְג, אוּנְד
הֵיילֶען אוּנְד פֶעסְטוּנְגֶען :
3 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען יִשְׂרָאֵל
הָאט גֶעזֵייעֶט אַזוֹי זֶענֶען דִיא מִדְיָנִים
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֲמָלֵק אוּנְד דִיא
קִינְדֶער פוּן מִזְרַח־זֵייט זֶענֶען קֶעגֶען
זֵייא אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען :
4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ קֶעגֶען זֵייא
גֶעלַאגֶערְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְ־
דָארְבֶּען דִיא תְּבוּאָה פוּן דֶעם לַאנְד,
בִּיז מֶען קוּמְט נָאךְ עַזָה, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט פַאר יִשְׂרָאֵל
קֵיין דֶערְנֶערוּנְג, קֵיין שָׁאף, קֵיין אָקְס
אוּנְד קֵיין אֵייזֶעל :
5 וָוארִין זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען

מִיט זֵיירֶע בְּהֵמוֹת אוּנְד זֵיירֶע גֶעצֶעלְטֶען, אַזוֹי פִיל וִויא דִיא הֵיישְׁרֶעקֶען, אוּנְד עֶס אִיז צוּ זֵייא אוּנְד זֵיירֶע קֶעמֶעל נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין צָאל, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין דֶעם לַאנְד אַרֵיין אוּם עֶס צוּ פֶערְדַארְבֶּען׃

6 אוּנְד יִשְׂרָאֵל אִיז זֶעהְר פֶערְאָרֶעמְט גֶעוָוארֶען וֶועגֶען מִדְיָן, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען צוּ גָאט׃

7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז וֶוען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען צוּ גָאט וֶועגֶען מִדְיָן׃

8 אַזוֹי הָאט גָאט גֶעשִׁיקְט אַ נָבִיא צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאגְט יְהוָה דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אַרוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט אוֹיס מִצְרַיִם, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען פוּן דֶעם הוֹיז פוּן קְנֶעכְט׃

9 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן דֶער הַאנְד פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד פוּן דֶער הַאנְד פוּן אַלֶע אֵיירֶע בֶּעצְווִינְגֶער, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא פֶערטְרִיבֶּען פוּן פָאר אֵייךְ, אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען זֵייעֶר לַאנְד׃

10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין יְהוָה אֵייעֶר גָאט, אִיהְר זָאלְט נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען פַאר דִיא גֶעטֶער פוּן דֶעם אֶמוֹרִי, וָואס אִיהְר וְואוֹינְט אִין זֵייעֶר לַאנְד, אָבֶּער אִיהְר הָאט נִיט גֶעהָארְכְט צוּ מֵיין קוֹל׃

11 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ פוּן יְהוָה אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אוּנְטֶער דֶעם לִינְדֶען בּוֹים וָואס אִיז אִין עָפְרָה, אוּנְד וָואס הָאט גֶעהֶערְט צוּ יוֹאָשׁ פוּן אַבִיעֶזֶר, אוּנְד זֵיין זוּהְן גִדְעוֹן הָאט אוֹיסְגֶעקְלַאפְּט ווייץ בֵּייא דֶער קֶעלְטֶער, אוּם צוּ אֶנְטְלוֹיפֶען פַאר מִדְיָן׃

12 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ פוּן יְהוָה הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעווִיזֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גָאט אִיז מִיט דִיר, דוּא שְׁטַארְקֶער הֶעלְד׃

13 אַזוֹי הָאט גִדְעוֹן צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, מֵיין הַאר! וֶוען גָאט אִיז יָא מִיט אוּנְס, פַאר וָואס הָאט אוּנְס אַלֶעס דָאס דָאזִיגֶע גֶעטְרָאפֶען? אוּנְד אַווּאוּ זֶענֶען אַלֶע זֵיינֶע וְואוּנְדֶער וָואס אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען אוּנְס דֶערְצֵיילְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, הָאט אוּנְס נִיט גָאט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוֹיס מִצְרַיִם? אוּנְד אַצוּנְד הָאט אוּנְס גָאט פֶערְלָאזֶען, אוּנְד עֶר הָאט אוּנְס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הֶענְד פוּן מִדְיָן׃

14 אוּנְד גָאט הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעקֶעהְרְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא מִיט דֶעם דָאזִיגֶען דֵיין כּוֹחַ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט הֶעלְפֶען יִשְׂרָאֵל אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן מִדְיָן, הָאבּ אִיךְ דִיךְ נִיט גֶעשִׁיקְט?

15 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ מֵיין הַאר, מִיט וָואס וֶועל אִיךְ יִשְׂרָאֵל הֶעלְפֶען? מֵיין טוֹיזֶענְד אִיז דָאס אָרֶעמְסְטֶע אִין מְנַשֶּׁה, אוּנְד אִיךְ בִּין דֶער יוּנְגְסְטֶער אִין מֵיין פָאטֶערְס הוֹיז׃

16 אַזוֹי הָאט גָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל גֶעווִיס מִיט דִיר זֵיין, אוּנְד דוּא וֶועסְט דֶעם מִדְיָן שְׁלָאגֶען אַזוֹי וִויא אֵיין מַאן׃

17 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען גְנָאד אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ מִיר טְהוּן

אַ צייכען אַז דוא (גאָט) רעדסט מיט
מיר:
18 איך בעט דיך, גייא ניט אַוועק
פון דאַנען ביז איך וועל צו דיר קומען
אונד ברענגען אַרויס מיין מנחה אונד
וועל עס אַנידערלייגען פאַר דיר; אונד
ער האָט געזאָגט, איך וועל בלייבען
ביז דוא וועסט ווידערקומען:
19 אונד גדעון איז געקומען, אונד
האָט אָנגעבּרייט אַ יונג ציגעלע, אונד
פון אַ מאָס מעהל האָט ער געמאַכט
מצות, דאָס פלייש האָט ער אַריינ־
געטהון אין אַ קאָרב אונד דיא זופּ
האָט ער געטהון אין אַ טאָפּ, אונד ער
האָט עס אַרויסגעבּראַכט צו איהם
הינטער דעם לינדען־בוים, אונד ער
האָט עס גענעהנט:
20 אַזוי האָט דער מלאך פון גאָט
צו איהם געזאָגט, נעם דאָס פלייש
אונד דיא מצות אונד לייג עס אַהין
אויף דעם דאָזיגען פעלזען־שטיין, אונד
דיא זופּ גיס אויס, אונד ער האָט אַזוי
געטהון:
21 אונד דער מלאך פון יהוה האָט
אויסגעשטרעקט דעם עק פון זיין
שטעקען וואָס איז געוועזען אין זיינע
האַנד, אונד ער האָט אָנגערירט דאָס
פלייש אונד דיא מצות, אַזוי איז
אַרויסגעגאַנגען דאָס פייער פון דעם
פעלזען־שטיין, אונד האָט פערברענט
דאָס פלייש אונד דיא מצות, אונד
דער מלאך פון יהוה איז פאַר זיינע
אויגען אַוועקגעגאַנגען (פערשוואונדען
געוואָרען):
22 אונד ווען גדעון האָט געזעהען
אַז ער איז אַ מלאך פון יהוה; האָט
גדעון געזאָגט, אַך, אוי האַר גאָט!
וואָרין ווייל איך האָב געזעהען אַ מלאך
פון יהוה פנים אל פנים:
23 אונד גאָט האָט צו איהם געזאָגט,
עס וועט צו דיר זיין שלום, האָב ניט
קיין מורא, דוא וועסט ניט שטאַרבען:
24 אונד גדעון האָט דאָרטען געבּויעט
אַ מזבח צו גאָט, אונד ער האָט איהם
גערופען יהוה שלום; ביז צו דעם
היינטיגען טאָג איז ער נאָך אין עפרת
וואָס געהערט צו אַבי העזרי:
25 אונד עס איז געוועזען אין דער־
זעלביגע נאַכט אַזוי האָט גאָט צו
איהם געזאָגט, נעם דיין פאָטער'ס
יונגען אָקס, אונד דעם אַנדערן אָקס
וואָס איז זיבען יאָהר אַלט, אונד רייס
אָפּ דעם מזבח פון בעל וואָס געהערט
צו דיין פאָטער, אונד דיא לינדען־
ביימער וואָס זענען דערנעבען זאָלסט
דוא אָפּשניידען:
26 אונד דוא זאָלסט בויען אַ מזבח
צו יהוה דיין גאָט אויף דער שפּיץ
פון דער דאָזיגען פעסטונג, אין דער
אַנריכטונג, אונד דוא זאָלסט נעמען
דעם צווייטען אָקס, אונד זאָלסט איהם
אויפברענגען אַלס אַ קרבן עולה, מיט
דעם האָלץ פון דיא לינדען וואָס דוא
וועסט אָפּשניידען:
27 אונד גדעון האָט גענומען צעהן
מענער פון זיינע קנעכט, אונד ער
האָט געטהון אַזוי וויא גאָט האָט צו
איהם גערעט, אונד עס איז געוועזען
ווייל ער האָט מורא געהאַט פאַר זיין
פאָטער'ס הויזגעזינד, אונד פאַר דיא
שטאָט־לייט עס צו טהון בייא טאָג
אַזוי האָט ער עס געטהון בייא נאַכט:
28 אונד ווען דיא שטאָט־לייט זענען
אין דער פריה אויפגעשטאַנען, אַזוי

זָעה, דֶער מִזְבֵּחַ פוּן בַּעַל אִיז גֶעוֶועזֶען
אַרוּפְּגֶעוָוארְפֶען, אוּנְד דִיא לִינְדֶען־
בֵּיימֶער וָואס זֶענֶען דֶערנֶעבֶּען גֶעוֶועזֶען
אָפּגֶעשְׁנִיטֶען, אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער
אָקְס וַואר אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אַלְס קָרְבָּן
עוֹלָה אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ וָואס וַואר
אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט׃
29 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אֵיינֶער
צוּ דֶעם אַנְדֶערְן, וֶוער הָאט דִיא
דָאזִיגֶע זַאךְ גֶעטְהוּן? אוּנְד וֶוען זֵייא
הָאבֶּען אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט אוּנְד גֶעזוּכְט
הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, אַז גִדְעוֹן זוּהְן פוּן
יוֹאָשׁ הָאט דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ גֶעטְהוּן׃
30 אוּנְד דִיא שְׁטָאט־לֵייט הָאבֶּען
גֶעזָאגְט צוּ יוֹאָשׁ, בְּרֶענְג אַרוֹיס דֵיין
זוּהְן, אַז עֶר זָאל גֶעטֵייט וֶוערֶען, ווייל
עֶר הָאט צוּשְׁטוֹיסֶען דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן
בַּעַל, אוּנְד ווייל עֶר הָאט אָפּגֶעשְׁנִיטֶען
דִיא לִינְדֶען־בֵּיימֶער וָואס זֶענֶען בֵּייא
אִיהְם גֶעוֶועזֶען׃
31 אוּנְד יוֹאָשׁ הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַלֶע
וָואס זֶענֶען בֵּייא אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען,
ווילְט אִיהְר אֵייךְ קְרִיגֶען פַאר בַּעַל?
אָדֶער ווילְט אִיהְר אִיהְם הֶעלְפֶען?
דֶער וָואס וויל זִיךְ פַאר אִיהְם קְרִיגֶען
דֶער זָאל גֶעטֵייט וֶוערֶען בִּיז פְרִיה־
מָארְגֶען; וֶוען עֶר אִיז אַ גָאט, לָאז עֶר
זִיךְ אַלֵיין קְרִיגֶען, ווייל מֶען הָאט
צוּשְׁטוֹיסֶען זֵיין מִזְבֵּחַ׃
32 דַארוּם הָאט מֶען אִיהְם גֶערוּפֶען
אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג יְרֻבַּעַל, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, לָאז בַּעַל זִיךְ מִיט אִיהְם קְרִיגֶען,
ווייל עֶר הָאט צוּשְׁטוֹיסֶען זֵיין מִזְבֵּחַ׃
33 אוּנְד גַאנְץ מִדְיָן, אוּנְד עֲמָלֵק,
אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן מִזְרָח הָאבֶּען
זִיךְ צוּזַאמֶען פֶערְזַאמֶעלְט, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אִין דֶעם טְהָאל פוּן
יִזְרְעֶאל׃
34 אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן יְהוָֹה הָאט
אָנְגֶעקְלֵיידֶעט דֶעם גִדְעוֹן, אוּנְד עֶר
הָאט שׁוֹפָר גֶעבְּלָאזֶען, אוּנְד אֲבִיעֶזֶר
הָאט זִיךְ הִינְטֶער אִיהְם אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט׃
35 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים
דוּרְךְ גַאנְץ מְנַשֶּׁה, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
אוֹיךְ הִינְטֶער אִיהְם אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט;
אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים
צוּ אָשֵׁר, אוּנְד זְבוּלוּן אוּנְד נַפְתָּלִי,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען אִיהְם
אֶנְטְקֶעגֶען׃
36 אוּנְד גִדְעוֹן הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט,
וֶוען דוּא ווילְסְט יִשְׂרָאֵל הֶעלְפֶען דוּרְךְ
מֵיינֶע הַאנְד אַזוֹי וויא דוּא הָאסְט
גֶערֶעדט׃
37 זֶעה, אִיךְ וֶועל אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אַ
שֶׁערֶערוּנְג פוּן וָואל אִין דִיא שֵׁייעֶר,
וֶוען דֶער טוֹיא וֶועט זֵיין אוֹיף דִיא
שֶׁערֶערוּנְג אַלֵיין, אוּנְד אוֹיף דֶער
גַאנְצֶער עֶרְד וֶועט זֵיין טְרוּקֶען, אַזוֹי
וֶועל אִיךְ ווִיסֶען אַז דוּא וֶועסְט הֶעלְפֶען
יִשְׂרָאֵל דוּרְךְ מֵיינֶע הַאנְד, אַזוֹי וויא
דוּא הָאסְט גֶערֶעדט׃
38 אוּנְד עֶס אִיז אַזוֹי גֶעוֶועזֶען, וָוארִין
עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער פְרִיה,
אוּנְד עֶר הָאט צוּזַאמֶען גֶענוּמֶען דִיא
שֶׁערֶערוּנְג, אוּנְד הָאט אוֹיסְגֶעקְוֶועטְשְׁט
דֶעם טוֹיא פוּן דִיא שֶׁערֶערוּנְג אַ בֶּעקֶען
פוּל מִיט וַואסֶער׃
39 אוּנְד גִדְעוֹן הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט,
לָאז נִיט דֵיין צָארְן קֶעגֶען מִיר דֶערְ־
גְרִימֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל נָאר דָאס מָאל
רֶעדֶען, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לָאז מִיךְ נָאךְ
דָאס מָאל פְּרוּפֶען מִיט דֶער שֶׁערֶערוּנְג,
לָאז דָאךְ זֵיין טְרוּקֶען אוֹיף דֶער

שֶׁעֶרוּנְג אַלֵיין, אָבֶּער אויף דֶער
גַאנְצֶער עֶרְד לָאז זַיין טויא :
40 אוּנְד גָאט הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן אִין
דִיזֶעלְבִּיגֶע נַאכְט, עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
טְרוּקֶען אויף דֶער שֶׁעֶרוּנְג אַלֵיין,
אָבֶּער אויף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד אִיז
גֶעוֶועזֶען טויא :

## קאפיטעל ז

1 אוּנְד יְרֻבַּעַל, דָאס אִיז גִדְעוֹן, אִיז
אִין דֶער פְרִיה אויפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט בֵּייא עֵין חֲרוֹד, אוּנְד דִיא
מַחֲנֶה פוּן מִדְיָן אִיז קֶעגֶען אִיהְם גֶעוֶועזֶען פוּן צָפוֹן־זֵייט, פוּן דֶער הויךְ
מוֹרֶה, אִין דֶעם טְהָאל :
2 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ גִדְעוֹן,
דָאס פָאלְק וָואס אִיז מִיט דִיר אִיז צוּ
פִיל אַז אִיךְ זָאל גֶעבֶּען מִדְיָן אִין זֵייעֶרע
הֶענְד, טָאמֶער וֶועט זִיךְ יִשְׂרָאֵל קֶעגֶען
מִיר רִיהְמֶען, אוּנְד זָאגֶען, מֵיינֶע
אֵייגֶענֶע הַאנְד הָאט מִיר גֶעהָאלְפֶען :
3 אוּנְד אַצוּנְד לָאז אויסְרוּפֶען אִין
דִיא אויעֶרֶען פוּן דֶעם פָאלְק, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, וֶוער עֶס הָאט מוֹרָא אוּנְד
צִיטֶערְט דֶער זָאל זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען,
אוּנְד פְרִיה אַוֶועקְגֵיין פוּן דֶעם בַּארְג
גִלְעָד ; אוּנְד עֶס הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
פוּן דֶעם פָאלְק צְוֵוייא אוּנְד צְוַואנְצִיג
טויזֶענְד, אָבֶּער צֶעהְן טויזֶענְד זֶענֶען
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען :
4 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ גִדְעוֹן,
דָאס פָאלְק אִיז נָאךְ צוּ פִיל, מַאךְ זֵייא
אַרוּפְּנִידֶערְן צוּ דֶעם וַואסֶער, אוּנְד אִיךְ
וֶועל זֵייא דָארְטֶען צוּ דִיר לֵייטֶערְן,
אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז דֶער פוּן וֶועלְכֶען
אִיךְ וֶועל צוּ דִיר זָאגֶען, דִיזֶער זָאל
מִיט דִיר גֵיין, דֶער זָאל מִיט דִיר גֵיין ;
אוּנְד פוּן אִיטְלִיכֶען וָואס אִיךְ וֶועל צוּ
דִיר זָאגֶען, דִיזֶער זָאל נִיט מִיט דִיר
גֵיין, דֶער זָאל נִיט גֵיין :
5 אַזוֹי הָאט עֶר אַרוּפְּגֶענִידֶערְט דָאס
פָאלְק צוּ דֶעם וַואסֶער, אוּנְד גָאט הָאט
גֶעזָאגְט צוּ גִדְעוֹן, אִיטְלִיכֶער וָואס
וֶועט לֶעקֶען מִיט זַיינֶע צוּנְג פוּן דֶעם
וַואסֶער אַזוֹי וִויא אַ הוּנְט לֶעקְט, דֶעם
זָאלְסְט דוּא בֶּעזוּנְדֶער שְׁטֶעלֶען, אוּנְד
(אויךְ) אִיטְלִיכֶען וָואס וֶועט אַנִידֶער
קְנִיעֶן אויף זַיינֶע קְנִיעֶן אוּם צוּ
טְרִינְקֶען :
6 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא צָאל
פוּן זָאלְכֶע וָואס הָאבֶּען גֶעלֶעקְט מִיט
זֵייעֶר מוֹיל אִין דִיא הַאנְד דְרֵייא
הוּנְדֶערְט מַאן, אוּנְד אַלֶע אִיבְּרִיגֶע פוּן
דֶעם פָאלְק הָאבֶּען גֶעקְנִיעֶט אויף
זֵייעֶרֶע קְנִיעֶן אוּם וַואסֶער צוּ טְרִינְקֶען :
7 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ גִדְעוֹן,
מִיט דִיא דְרֵייא הוּנְדֶערְט מַאן וָואס
הָאבֶּען גֶעלֶעקְט וֶועל אִיךְ אֵייךְ הֶעלְפֶען,
אוּנְד אִיךְ וֶועל דֶעם מִדְיָן גֶעבֶּען אִין
דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד לָאז דָאס גַאנְצֶע
פָאלְק גֵיין אִיטְלִיכֶער צוּ זַיין אָרְט :
8 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶענוּמֶען
שְׁפֵּייז אִין זֵייעֶרֶע הֶענְד, אוּנְד זֵייעֶרֶע
שׁוֹפְרוֹת ; אוּנְד עֶר הָאט (דִיא אִיבְּרִיגֶע)
אִיטְלִיכֶען מַאן פוּן יִשְׂרָאֵל אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט,
אִיטְלִיכֶען צוּ זַיין גֶעצֶעלְט, אוּנְד מִיט
דְרֵייא הוּנְדֶערְט מַאן הָאט עֶר זִיךְ
גֶעשְׁטַארְקְט, אוּנְד דִיא מַחֲנֶה פוּן מִדְיָן
אִיז קֶעגֶען אִיהְם גֶעוֶועזֶען פוּן אוּנְטֶען
אִין דֶעם טְהָאל :
9 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיזֶעלְבִּיגֶע
נַאכְט, אַזוֹי הָאט גָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
שְׁטֵייא אויף, אוּנְד גֵייא אַרוּפּ אִין דֶער

מַחֲנֶה, וָוארִין אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען
אִין דֵיינֶע הַאנְד:
10 אוּנְד וֶוען דוּא הָאסְט מוֹרָא אַרוּפּ־
צוּ נִידֶערְן, אַזוֹי גֵייא דוּא אוּנְד פֻּרָה
דֵיין יוּנְג (אַלֵיין) צוּ דֶער מַחֲנֶה:
11 אַזוֹי וֶועסְט דוּא הֶערֶען וָואס זֵייא
וֶועלֶען זָאגֶען, אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶועט
דֵיינֶע הַאנְד גֶעשְׁטַארְקְט זַיין, אוּנְד דוּא
וֶועסְט אַרוּפְּנִידֶערְן צוּ דֶער מַחֲנֶה;
אַזוֹי אִיז עֶר אוּנְד פֻּרָה זַיין יוּנְג אַרוּפּ־
גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם עֶק פוּן דִיא גֶעוּ־
וָאפֶּענְטֶע (וַואכֶען) וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אִין דֶער מַחֲנֶה:
12 אוּנְד מִדְיָן אוּנְד עֲמָלֵק אוּנְד אַלֶע
קִינְדֶער פוּן מִזְרַח־זֵייט זֶענֶען אַנִידֶער־
גֶעפַאלֶען אִין דֶעם טְהָאל, אַזוֹי פִּיל
וִויא הֵיישְׁרֶעקֶען, אוּנְד צוּ זֵייעֶרֶע קֶעמֶעל
אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיינֶע צָאל, אַזוֹי פִּיל
וִויא דֶער זַאנְד אוֹיף דֶעם בָּארְטֶען
פוּן יַם:
13 אוּנְד וֶוען גִדְעוֹן אִיז גֶעקוּמֶען צוּ
דֶער מַחֲנֶה, אוּנְד זֶעה, אַ מַאן הָאט
דֶערְצֵיילְט צוּ זַיין חַבֵר אַ חָלוֹם, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ הָאבּ גֶע־
חָלוֹמְט אַ חָלוֹם, אוּנְד נוּן אַ גֶערְשְׁטֶען
בְּרוֹיט הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אִין
דֶער מַחֲנֶה פוּן מִדְיָן, אוּנְד אִיז אָנְ־
גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט אוּנְד
הָאט עֶס גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶס אִיז
אֵיינְגֶעפַאלֶען, אוּנְד עֶס הָאט עֶס אִים
גַאנְצֶען אוּמְגֶעקֶעהְרְט אַזוֹי דָאס גֶעצֶעלְט
אִיז אוּמְגֶעפַאלֶען:
14 אוּנְד זַיין חַבֵר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד גֶעזָאגְט, דָאס אִיז נִיט אַנְדֶערְשְׁט
גֵייעֶרְט דָאס שְׁוֶוערְט פוּן גִדְעוֹן בֶּן
יוֹאָשׁ, דֶער מַאן פוּן יִשְׂרָאֵל, וָוארִין
גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען אִין זֵיינֶע הַאנְד
מִדְיָן אוּנְד דִיא גַאנְצֶע מַחֲנֶה:
15 אוּנְד וֶוען גִדְעוֹן הָאט גֶעהֶערְט
דָאס דֶערְצֵיילֶען פוּן דֶעם חָלוֹם אוּנְד
זַיין (פִּתְרוֹן) אוֹיסְלֵייגוּנְג אַזוֹי הָאט עֶר
זִיךְ גֶעבִּיקְט (צוּ גָאט) אוּנְד הָאט
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ דֶער מַחֲנֶה פוּן
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שְׁטֵייט
אוֹיף; וָוארִין גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען אִין
אוּנְזֶערֶע הֶענְד דִיא מַחֲנֶה פוּן מִדְיָן:
16 אוּנְד עֶר הָאט צוּטֵיילְט דִיא דְרֵייא
הוּנְדֶערְט מַאן אִין דְרֵייא טֵיילֶען, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען שׁוֹפָרוֹת אִין דִיא
הַאנְד פוּן אִיטְלִיכֶען, אוּנְד לֵיידִיגֶע
קְרִיגֶען, אוּנְד פֵייעֶר פַאקֶעלְן אִינֶעוֵוייניג
פוּן דִיא קְרִיגֶען:
17 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וָואס אִיהְר וֶועט זֶעהֶען פוּן מִיר אַזוֹי
זָאלְט אִיהְר טְהוּן, אוּנְד זֶעהְט וֶוען
אִיךְ וֶועל קוּמֶען צוּ דֶעם עֶק פוּן דֶער
מַחְנֶה, אוּנְד עֶס זָאל זַיין אַז דָאס וָואס
אִיךְ טְהוּ אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אוֹיךְ טְהוּן:
18 אוּנְד וֶוען אִיךְ אוּנְד אַלֶע וָואס
זֶענֶען מִיט מִיר וֶועלֶען שׁוֹפָר בְּלָאזֶען,
אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אוֹיךְ בְּלָאזֶען מִיט
דִיא שׁוֹפָרוֹת אַרִינְגְסְאַרוּם דֶער גַאנְצֶען
מַחֲנֶה, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זָאגֶען, צוּ
גָאט אוּנְד צוּ גִדְעוֹן:
19 אַזוֹי אִיז גִדְעוֹן אָנְגֶעקוּמֶען אוּנְד
דִיא הוּנְדֶערְט מַאן וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם
גֶעוֶועזֶען צוּ דֶעם עֶק פוּן דֶער מַחֲנֶה,
אִים אָנְפַאנְג פוּן דֶעם מִיטֶעלְסְטֶען
מִשְׁמָר, מֶען הָאט נָאר עֶרְשְׁט אוֹיפְגֶע־
שְׁטֶעלְט דִיא וַואךְ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעבְּלָאזֶען מִיט דִיא שׁוֹפָרוֹת אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען צֶערבְּרָאכֶען דִיא קְרִיגֶען וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין זֵייעֶרֶע הֶענְד:
20 אוּנְד דִיא דְרֵייא אָבְּטֵיילוּנְגֶען

הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען מִיט דִיא שׁוֹפְרוֹת, אוּנְד זַייא הָאבֶּען צֶערבְּרָאכֶען דִיא קְרִיגֶען, אוּנְד מִיט זַייעֶרֶע לִינְקֶע הַאנְד הָאבֶּען זַייא אָנְגֶעחַאפְּט דִיא פַאקֶעלֶן; אוּנְד מִיט זַייעֶר רֶעכְטֶע הַאנְד דִיא שׁוֹפְרוֹת גֶעבְּלָאזֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען, דָאס שְׁוֶוערְט פוּן גָאט אוּנְד פוּן גִדְעוֹן׃

21 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִיטְלִיכֶער אִין זַיינֶע שְׁטֶעל אַרִינְגְסאַרוּם צוּ דֶער מַחֲנֶה, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע מַחֲנֶה אִיז גֶעלוֹיפֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד זִינְד עֶנְטְלָאפֶען׃

22 אוּנְד וֶוען דִיא דְרַייא הוּנְדֶערְט הָאבֶּען דִיא שׁוֹפְרוֹת גֶעבְּלָאזֶען, אַזוֹי הָאט גָאט גֶעמַאכְט דָאס שְׁוֶוערְט זָאל זַיין אֵיינֶער קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד אַזוֹי אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען אִין דֶער גַאנְצֶען מַחֲנֶה, אוּנְד דִיא מַחֲנֶה אִיז עֶנְטְלָאפֶען בִּיז נָאךְ בֵּית שִׁטָּה, אִין צְרֵרָתָה, בִּיז צוּ דֶעם בָּארְטֶען פוּן אָבֵל מְחוֹלָה בֵּייא טַבָּת׃

23 אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען דוּרְךְ גֶעשְׁרַייא, פוּן נַפְתָּלִי, אוּנְד פוּן אָשֵׁר, אוּנְד פוּן גַאנְץ מְנַשֶּׁה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען נָאכְגֶעיָאגְט נָאךְ מִדְיָן׃

24 אוּנְד גִדְעוֹן הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים דוּרְךְ דֶעם גַאנְצֶען בַּארְג אֶפְרַיִם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, קוּמְט אַרוּפ עֶנְטְקֶעגֶען מִדְיָן, אוּנְד נֶעמְט אֵיין פוּן זַייא דָאס וַואסֶער בִּיז נָאךְ בֵּית בָּרָה אוּנְד דֶעם יַרְדֵן; אוּנְד עֶס הָאט זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן אֶפְרַיִם אוּנְד זַייא הָאבֶּען אֵיינְגֶענוּמֶען דָאס וַואסֶער בִּיז נָאךְ בֵּית בָּרָה אוּנְד דֶעם יַרְדֵן׃

25 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אֵיינְגֶענוּמֶען דִיא צְווַייא פִירְשְׁטֶען פוּן מִדְיָן, דֶעם עֹרֵב אוּנְד דֶעם זְאֵב, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעהַרְגֶ'ת דֶעם עוֹרֵב אוֹיף דֶעם שְׁטֵיין עוֹרֵב, אוּנְד דֶעם זְאֵב הָאבֶּען זַייא גֶעהַרְגֶ'ת בֵּייא דֶער קֶעלְטֶער פוּן זְאֵב, אוּנְד זַייא הָאבֶּען נָאכְגֶעיָאגְט מִדְיָן, אוּנְד דִיא קֶעפּ פוּן עוֹרֵב אוּנְד זְאֵב הָאבֶּען זַייא גֶעבְּרֶענְגְט צוּ גִדְעוֹן אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער זַייט יַרְדֵן׃

קאפיטעל ח

1 אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן אֶפְרַיִם הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ וָואס דוּא הָאסְט צוּ אוּנְס גֶעטְהוּן, אַז דוּא הָאסְט אוּנְס נִיט גֶערוּפֶען וֶוען דוּא בִּיזְט גֶעגַאנְגֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט מִדְיָן? אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ מִיט אִיהְם שְׁטַארְק גֶעקְרִיגְט׃

2 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וָואס הָאבּ אִיךְ יֶעצְט גֶעטְהוּן אִים פֶערְגְלַייךְ מִיט אֵייךְ? אִיז דֶען נִיט דִיא נָאכְקְלַייבּוּנְג פוּן אֶפְרַיִם בֶּעסֶער וִויא דִיא אָפְּגֶעשְׁנִיטֶענֶע וַויינְטְרוֹיבֶּען פוּן אַבִיעֶזֶער?

3 גָאט הָאט אִין אֵייעֶרֶע הֶענְד אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן מִדְיָן, דֶעם עוֹרֵב אוּנְד דֶעם זְאֵב, אוּנְד וָואס בִּין אִיךְ אִים שְׁטַאנְד גֶעוֶועזֶען צוּ טְהוּן אַזוֹי וִויא אִיהְר? דֶערְנָאךְ אִיז זַייעֶר גֶעמִיט שְׁלַאף גֶעוָוארֶען פוּן וֶועגֶען אִיהְם ווייל עֶר הָאט דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ גֶערֶעט׃

4 אוּנְד גִדְעוֹן אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד עֶר אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען מִיט דִיא דְרַייא הוּנְדֶערְט מַאן וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיד אוּנְד הָאבֶּען זַייא נָאכְגֶעיָאגְט׃

אוּנד

5 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
לַייטֶע פוּן סֻכּוֹת, אִיךְ בֶּעט אֵייךְ גֶעט
עֶטְלִיכֶע בְּרוֹיט צוּ דֶעם פָאלְק וָואס
גֵייט מִיר נָאךְ, וָוארִין זֵייא זֶענֶען מִיד
אוּנְד אִיךְ יָאג נָאךְ זֶבַח אוּנְד צַלְמֻנָע,
דִיא מְלָכִים פוּן מִדְיָן:
6 אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן סֻכּוֹת
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיז דֶען דִיא הַאנְד
פוּן זֶבַח אוּנְד צַלְמֻנָע שׁוֹין אִין דֵיינֶע
הַאנְד אַז מִיר זָאלֶען גֶעבֶּען בְּרוֹיט צוּ
דֵיין חַיִל:
7 אוּנְד גִדְעוֹן הָאט גֶעזָאגְט, דַארוּם,
וֶוען גָאט וֶועט גֶעבֶּען דֶען זֶבַח אוּנְד
דֶען צַלְמֻנָע אִין מֵיינֶע הַאנְד, אַזוֹי וֶועל
אִיךְ דְרֶעשֶׁען אֵייעֶר פְלֵיישׁ מִיט דִיא
דֶערְנֶער פוּן דֶער מִדְבָּר, אוּנְד מִיט
דִיא (בַּרְקָנִים) שְׁטַאבֶּעלְן:
8 אוּנְד עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען אַרוֹיפְּ־
גֶעגַאנְגֶען נָאךְ פְּנוּאֵל, אוּנְד עֶר הָאט
צוּ זֵייא אוֹיךְ אַזוֹי גֶערֶעט; אוּנְד דִיא
לַייטֶע פוּן פְּנוּאֵל הָאבֶּען אִיהְם גֶעע־
ענְטְפֶערְט גְרָאד אַזוֹי וִויא דִיא לַייטֶע
פוּן סֻכּוֹת:
9 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעזָאגְט צוּ דִיא
לַייטֶע פוּן פְּנוּאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען
אִיךְ וֶועל בְּשָׁלוֹם צוּרִיקְקוּמֶען אַזוֹי וֶועל
אִיךְ צוּשְׁטוֹיסֶען דֶעם דָאזִיגֶען טוּרֶעם:
10 אוּנְד זֶבַח אוּנְד צַלְמֻנָע זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אִין קַרְקוֹר, אוּנְד זֵייעֶרֶע מַחֲנֶה
אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט זֵייא, אַן אֶרֶךְ פוּן
פִיפְצֶעהְן טוֹיזֶענְד, אַלֶע וָואס זֶענֶען
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דֶער גַאנְצֶער מַחֲנֶה
פוּן דִיא בְּנֵי־קֶדֶם; אָבֶּער דִיא גֶעע־
פַאלֶענֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען הוּנְדֶערְט אוּנְד
צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד מַאן וָואס הָאבֶּען
אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען דָאס שְׁוֶוערְד:
11 אוּנְד גִדְעוֹן אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דִיא וָואס וְואוֹינֶען
אִין גֶעצֶעלְטֶען, פוּן דֶער מִזְרַח־זַייט
בֵּייא נֹבַח אוּנְד יָגְבְּהָה, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעשְׁלָאגֶען דִיא מַחֲנֶה, אוּנְד דִיא מַחֲנֶה
אִיז גֶעוֶועזֶען זִיכֶער:
12 אוּנְד זֶבַח אוּנְד צַלְמֻנָע זֶענֶען
עַנְטְלָאפֶען, אָבֶּער עֶר הָאט זֵייא נָאכְ־
גֶעיָאגְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעכַאפְּט דִיא
צְווייא מְלָכִים פוּן מִדְיָן, דֶעם זֶבַח אוּנְד
דֶעם צַלְמֻנָה, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע מַחֲנֶה
הָאט עֶר גֶעמַאכְט צִיטֶערְן:
13 אוּנְד גִדְעוֹן בֶּן יוֹאָשׁ אִיז צוּרִיקְ־
גֶעקוּמֶען פוּן דֶער מִלְחָמָה אֵיידֶער דִיא
זוּן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען:
14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעכַאפְּט אַ יוּנְג
פוּן דִיא לַייטֶע פוּן סֻכּוֹת, אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם אוֹיסְגֶעפְרֶעגְט, אוּנְד עֶר
הָאט צוּ אִיהְם אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען דִיא
פִירְשְׁטֶען פוּן סֻכּוֹת אוּנְד זֵיירֶע עֶלְצְטֶע,
זִיבֶּען אוּנְד זִיבֶּעצִיג מַאן:
15 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא
לַייטֶע פוּן סֻכּוֹת, אוּנְד עֶר הָאט גֶעע־
זָאגְט, זֶעהְט, דָא זֶענֶען זֶבַח אוּנְד
צַלְמֻנָע, מִיט וֶועלְכֶע אִיהְר הָאט מִיךְ
גֶעלֶעסְטֶערְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיז דֶען
דִיא הַאנְד פוּן זֶבַח אוּנְד צַלְמֻנָע שׁוֹין
יֶעצְט אִין דֵיינֶע הַאנְד אַז מִיר זָאלֶען
גֶעבֶּען צוּ דֵיינֶע מֶענֶער וָואס זֶענֶען
מִיד בְּרוֹיט?
16 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא עֶלְצְטֶע
פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד דִיא דֶערְנֶער
פוּן דֶער מִדְבָּר, אוּנְד דִיא שְׁטַאבֶּעלְן,
אוּנְד מִיט זֵייא הָאט עֶר גֶעלַאזְט וִויסֶען
דִיא לַייטֶע פוּן סֻכּוֹת:
17 אוּנְד דֶעם טוּרֶעם פוּן פְּנוּאֵל הָאט
עֶר צוּשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד דִיא לַייטֶע פוּן
דֶער שְׁטָאט הָאט עֶר גֶעהַרְגֶעט:

18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֶבַח
אוּנְד צוּ צַלְמֻנָע, וִויא הָאבֶּען דִיא לֵייט
אוֹיסְגֶעזֶעהֶען וָואס אִיהְר הָאט גֶעהַרְגֶעט
אִין תָּבוֹר? אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
אַזוֹי וִויא דוּא בִּיזְט זֶענֶען זַייא גֶעוֶועזֶען,
אִיטְלִיכֶער הָאט גֶעהַאט דִיא גֶעשְׁטַאלְט
וִויא דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם מֶלֶךְ:
19 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זַייא זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען מֵיינֶע בְּרִידֶער, מֵיינֶע מוּטֶערְס
קִינְדֶער; אַזוֹי וִויא גָאט לֶעבְּט, וֶוען
אִיהְר הֶעט זַייא גֶעלָאזְט לֶעבֶּען אַזוֹי
וָואלְט אִיךְ אֵייךְ נִיט גֶעהַרְגֶעט:
20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ יֶתֶר
זַיין בְּכוֹר, שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד הַרְגֶע
זַייא, אָבֶּער דֶער יוּנְג הָאט נִיט אַרוֹיס־
גֶעצוֹיגֶען זַיין שְׁוֶוערְד, וָוארִין עֶר הָאט
מוֹרָא גֶעהַאט וֵוייל עֶר אִיז נָאךְ גֶע־
וֶועזֶען יוּנְג:
21 אַזוֹי הָאבֶּען זֶבַח אוּנְד צַלְמֻנָע
גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא דוּא אוֹיף אוּנְד דֶער־
שְׁלָאג אוּנְס, וָוארִין אַזוֹי וִויא דֶער מַאן
אִיז אַזוֹי אִיז זַיינֶע גְבוּרָה; אַזוֹי אִיז
גִדְעוֹן אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט גֶע־
הַרְגֶעט דֶעם זֶבַח אוּנְד דֶעם צַלְמֻנָע,
אוּנְד עֶר הָאט אַרוּפְגֶענוּמֶען דִיא
הַאלְזְבֶּענְדֶער וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף
דִיא הֶעלְזֶער פוּן זַייעֶרֶע קֶעמֶעלְן:
22 אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ גִדְעוֹן, גֶעוֶועלְטִיגֶע
דוּא אִיבֶּער אוּנְס, אוֹיךְ דוּא, אוּנְד אוֹיךְ
דַיין זוּהְן, אוּנְד אוֹיךְ דַיין זוּהְן'ס זוּהְן,
וָוארִין דוּא הָאסְט אוּנְס גֶעהָאלְפֶען
אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן מִדְיָן:
23 אוּנְד גִדְעוֹן הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
אִיךְ וִויל נִיט אִיבֶּער אֵייךְ גֶעוֶועלְטִיגֶען,
אוּנְד מֵיין זוּהְן וֶועט אוֹיךְ נִיט אִיבֶּער
אֵייךְ גֶעוֶועלְטִיגֶען, נֵייעֶרְט יְהוָֹה וֶועט
אִיבֶּער אֵייךְ גֶעוֶועלְטִיגֶען:
24 אוּנְד גִדְעוֹן הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
אִיךְ הָאבּ אַ גֶעבֶּעט צוּ אֵייךְ, אַז
אִיטְלִיכֶער זָאל צוּ מִיר גֶעבֶּען זַיין
נָאזְרִינְג פוּן זַיין רוֹיבּ, וָוארִין זַייא
הָאבֶּען גֶעהַאט גָאלְדֶענֶע נָאזְרִינְגֶען,
וֵוייל זַייא (דִיא גֶעהַרְגֶעטֶע) זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען יִשְׁמְעֵאלִים:
25 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר
וֶועלֶען זַייא דִיר גֶעוִויס גֶעבֶּען, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט דָאס קְלֵייד,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָארְטֶען אַרֵיינְגֶע־
וָוארְפֶען אִיטְלִיכֶער דֶעם רִינְג פוּן זַיין
רוֹיבּ:
26 אוּנְד דָאס גֶעוִויכְט פוּן דִיא גָאלְ־
דֶענֶע רִינְגֶען וָואס עֶר הָאט פֶערְלַאנְגְט,
אִיז גֶעוֶועזֶען טוֹיזֶענְד אוּנְד זִיבֶּען
הוּנְדֶערְט שְׁקָלִים גָאלְד, חוּץ דִיא
הַאלְזְבֶּענְדֶער אוּנְד דִיא בּוּזֶעם קְנֶעפּ,
אוּנְד דִיא פּוּרְפֶּעל־קְלֵיידֶער וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אוֹיף דִיא קֶענִיגֶע פוּן מִדְיָן,
אוּנְד חוּץ פוּן דִיא הַאלְזְבֶּענְדֶער וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דִיא הֶעלְזֶער פוּן
זַייעֶרֶע קֶעמֶעלְן:
27 אוּנְד גִדְעוֹן הָאט דֶערְפוּן גֶעמַאכְט
אַן אֵפוֹד, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעשְׁטֶעלְט
אִין זַיינֶע שְׁטָאט, אִין עָפְרָה, אוּנְד
גַאנְץ יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ דָארְטֶען נָאךְ
אִיהְם (נָאךְ דֶעם אֵפוֹד) מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען;
אוּנְד עֶס אִיז גֶעוָוארֶען צוּ גִדְעוֹן אוּנְד
צוּ זַיין הוֹיזְגֶעזִינְד צוּ אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג:
28 אוּנְד מִדְיָן אִיז אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶע־
וָוארֶען פַאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען נִיט מֶעהְר גֶעקֶענְט אוֹיפְ־
הֵייבֶּען זַייעֶרֶע קֶעפּ; אוּנְד דָאס לַאנְד
הָאט גֶעהַאט רוּה פִירְצִיג יָאהְר אִין
דִיא טֶעג פוּן גִדְעוֹן:

29 אונד יְרֻבַּעַל זוהן פון יואָש איז געגאַנגען אונד האָט געוואוינט אין זיין הויז׃

30 אונד גדעון האָט געהאַט זיבּעציג זיהן וואָס זענען אַרויסגעקומען פון זיין דיכט, וואָרין ער האָט געהאַט פיל ווייבּער׃

31 אונד זיין קעבּסווייב וואָס איז געוועזען אין שכם, זיא האָט איהם אויך געבּוירען אַ זוהן, אונד ער האָט זיין נאָמען גערופען אֲבִימֶלֶךְ׃

32 אונד גדעון זוהן פון יואָש איז געשטאָרבּען אין אַ גוטע עלטער, אונד מען האָט איהם בּעגראָבּען אין דעם קבר פון יואָש זיין פאָטער, אין עפרה פון אֲבִי הָעֶזְרִי׃

33 אונד עס איז געוועזען אַז ווען גדעון איז געשטאָרבּען אַזוי האָבּען זיך דיא קינדער ישראל ווידערגעקעהרט, אונד האָבּען זיך מזנה געוועזען נאָך דיא אָפּגעטער פון בּעל, אונד זייא האָבּען זיך געמאַכט דעם בּעל בּרית אַלס איין אָפּגאָט׃

34 אונד דיא קינדער ישראל האָבּען ניט געדענקט אַן יהוה זייער גאָט וואָס האָט זייא מציל געוועזען פון דער האַנד פון אַלע זייערע פיינד פון אַרינגס אַרום׃

35 אונד זייא האָבּען ניט געטהון קיין חסד מיט דעם הויזגעזינד פון יְרֻבַּעַל, דאָס איז גדעון, נאָך דעם גאַנצען גוטען וואָס ער האָט געטהון מיט ישראל׃

קאַפּיטעל ט

1 אונד אֲבִימֶלֶךְ דער זוהן פון יְרֻבַּעַל איז געגאַנגען נאָך שכם צו זיין מוטערס בּרידער, אונד ער האָט צו זייא גערעדט, אונד צו דער גאַנצער משפחה פון זיין מוטערס הויזגעזינד, אַזוי צו זאָגען׃

2 איך בּעט אייך, רעדט אין דיא אויערען פון אַלע מענער פון שכם, וואָס איז בּעסער צו אייך, אויבּ אַלע זיהן פון יְרֻבַּעַל, וואָס זענען זיבּעציג זאָלען איבּער אייך געוועלטיגען, אָדער אַז איין מאַן זאָל איבּער אייך געוועלטיגען? אָבּער איהר זאָלט געדענקען, אַז איך בּין אייער בּיין אונד אייער פלייש׃

3 אונד זיין מוטערס בּרידער האָבּען פון זיינעטוועגען גערעדט אין דיא אויערען פון אַלע מענער פון שכם אַלע דיא דאָזיגע ווערטער, אונד זייער האַרץ האָט זיך געניינט נאָך אֲבִימֶלֶךְ, וואָרין זייא האָבּען געזאָגט, ער איז אונזער בּרודער׃

4 אונד זייא האָבּען איהם געגעבּען זיבּעציג שטיק זילבּער פון דעם הויז פון בּעל בּרית, אונד אֲבִימֶלֶךְ האָט דערמיט געדונגען ליידיגע אונד שלעכטע מענשען, אונד זייא זענען איהם נאָכגעגאַנגען׃

5 אונד ער איז געקומען צו זיין פאָטערס הויז נאָך עפרת, אינד ער האָט געהרגעט זיינע בּרידער, דיא זיהן פון יְרֻבַּעַל, זיבּעציג מאַן אויף איין שטיין, יותם, דער יונגסטער זוהן פון יְרֻבַּעַל איז איבּערגעבּליבּען, וואָרין ער איז געוועזען בּעהאַלטען׃

6 אונד אַלע מענער פון שכם האָבּען זיך איינגעזאַמעלט, אונד דאָס גאַנצע הויז פון מלוא, אונד זייא זענען געגאַנגען אונד האָבּען געמאַכט דעם אֲבִימֶלֶךְ אַלס קעניג בּייא דעם פלאַץ פון דער זייל וואָס איז אין שכם׃

7 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ יוֹתָם, אַזוֹי אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בַּארְג גְרִזִים, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיין קוֹל אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, הֶערְט מִיר צוּ אִיהְר מֶענֶער פוּן שְׁכֶם, אַזוֹי וֶועט גָאט צוּ אֵייךְ הֶערֶען:

8 דִיא בֵּיימֶער זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פַאר זִיךְ צוּ זַאלְבֶּען אַ מֶלֶךְ, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם אֵיילְבּוֹים, רֶעגִיר דוּא אִיבֶּער אוּנְס:

9 אַזוֹי הָאט דֶער אֵיילְבּוֹים צוּ זַייא גֶעזָאגְט, זָאל אִיךְ דֶען פֶערְמֵיידֶען מֵיינֶע פֶעטִיגְקֵייט וָואס מֶען טְהוּט מִיט מִיר גָאט אוּנְד מֶענְשֶׁען מְכַבֵּד זַיין, אוּנְד זָאל אִיךְ אַהִינְגֵיין אוּנְד מִיךְ פֶערְוָואגֶעלְן אִיבֶּער דִיא בֵּיימֶער?

10 אוּנְד דִיא בֵּיימֶער הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים, קוּם דוּא, אוּנְד רֶעגִיר אִיבֶּער אוּנְס:

11 אַזוֹי הָאט דֶער פֵייגֶענְבּוֹים צוּ זַייא גֶעזָאגְט, זָאל אִיךְ דֶען פֶערְמֵיידֶען מֵיינֶע זִיסִיגְקֵייט אוּנְד מֵיינֶע גוּטֶע פְרוּכְט אוּנְד זָאל אִיךְ אַהִינְגֵיין אוּנְד מִיךְ פֶערְוָואגֶעלְן אִיבֶּער דִיא בֵּיימֶער?

12 אוּנְד דִיא בֵּיימֶער הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם וֵויינְשְׁטָאק, קוּם דוּא אוּנְד רֶעגִיר אִיבֶּער אוּנְס:

13 אַזוֹי הָאט דֶער וֵויינְשְׁטָאק צוּ זַייא גֶעזָאגְט, זָאל אִיךְ דֶען פֶערְמֵיידֶען מֵיין וויין וָואס דֶערפְרֵייעֶט גָאט אוּנְד מֶענְשֶׁען, אוּנְד זָאל אִיךְ אַהִינְגֵיין אוּנְד מִיךְ פֶערְוָואגֶעלְן אִיבֶּער דִיא בֵּיימֶער?

14 אוּנְד אַלֶע בֵּיימֶער הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם דָארְן, קוּם דוּא אוּנְד רֶעגִיר אִיבֶּער אוּנְס:

15 אַזוֹי הָאט דֶער דָארְן גֶעזָאגְט צוּ דִיא בֵּיימֶער, אוֹיבּ אִיהְר ווילְט מִיךְ בְּאֶמֶת זַאלְבֶּען אַלְס קֶענִיג אִיבֶּער אֵייךְ, אַזוֹי קוּמְט אוּנְד בֶּעשִׁיצְט אֵייךְ אִין מֵיין שָׁאטֶען, אוּנְד וֶוען (אִיהְר ווילְט) נִיט אַזוֹי זָאל אַ פֵייעֶר אַרוֹיסְגֵיין פוּן דָארְן אוּנְד זָאל פֶערבְּרֶענֶען דִיא טַאנֶענְבּוֹימֶער פוּן דֶעם לְבָנוֹן:

16 אוּנְד אַצוּנְד, אוֹיבּ אִיהְר הָאט עֶס גֶעטְהוּן מִיט אֶמֶת אוּנְד גַאנְצְקֵייט אַז אִיהְר הָאט גֶעמַאכְט דֶעם אֲבִימֶלֶךְ אַלְס מֶלֶךְ—אוּנְד וֶוען אִיהְר הָאט אַ טוֹבָה גֶעטְהוּן מִיט יְרֻבַּעַל אוּנְד מִיט זַיין הוֹיזְגֶעזִינְד, אוּנְד וֶוען אִיהְר הָאט צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן נָאךְ דֶעם פֶערְדִינְסְט פוּן זַיינֶע הֶענְד:—

17 (וָוארִין מֵיין פָאטֶער הָאט פוּן אֵייךְ גֶעשְׁטְרִיטֶען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט גַאנְץ אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט זַיין לֶעבֶּען אוּנְד עֶר הָאט אֵייךְ מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן דֶער הַאנְד פוּן מִדְיָן:

18 אוּנְד אִיהְר זֶענְט הֵיינְט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען קֶעגֶען מֵיין פָאטֶערְס הוֹיז, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעהַרְגֶעט זַיינֶע זִיהְן, זִיבֶּעצִיג מַאן אוֹיף אֵיין שְׁטֵיין, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעמַאכְט דֶעם אֲבִימֶלֶךְ, דֶעם זוּהְן פוּן זַיינֶע דִינְסְטמוֹיד אַלְס מֶלֶךְ אִיבֶּער דִיא מֶענֶער פוּן שְׁכֶם, ווייל עֶר אִיז אֵייעֶר בְּרוּדֶער:)

19 אוּנְד וֶוען אִיהְר הָאט דָאס גֶעטְהוּן מִיט אֶמֶת אוּנְד גַאנְצְקֵייט מִיט יְרֻבַּעַל אוּנְד מִיט זַיין הוֹיזְגֶעזִינְד דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג, אַזוֹי פְרֵייעֶט אֵייךְ מִיט אֲבִימֶלֶךְ, אוּנְד לָאז עֶר זִיךְ מִיט אֵייךְ אוֹיךְ פְרֵייעֶן:

20 אוּנְד וֶוען אָבֶּער נִיט, אַזוֹי וֶועט אַרוֹיסְגֵיין אַ פֵייעֶר פוּן אֲבִימֶלֶךְ אוּנְד

עֶס וֶועט פֶערבְּרֶענֶען דִיא מֶענֶער פוּן
שְׁכֶם אוּנְד דָאס הויז פוּן מִלוֹא, אוּנְד
עֶס וֶועט אַרויסְגֵיין אַ פֵייעֶר פוּן דִיא
מֶענֶער פוּן שְׁכֶם אוּנְד פוּן דֶעם הויז
מִלוֹא, אוּנְד עֶס וֶועט פֶערבְּרֶענֶען דֶעם
אֲבִימֶלֶךְ׃
21 אוּנְד יוֹתָם אִיז עֶנְטְלָאפֶען גֶע־
וָוארֶען, אוּנְד אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ
בְּאֵרָה, אוּנְד הָאט דָארְטֶען גֶעוָואוינְט,
פַאר אֲבִימֶלֶךְ זֵיין בְּרוּדֶער׃
22 אוּנְד וֶוען אֲבִימֶלֶךְ הָאט גֶעהֶערְשְׁט
אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל דְרַייא יָאהְר׃
23 אַזוֹי הָאט גָאט אויסְגֶעשִׁיקְט אַ
בֵּייזֶען גַייסְט צְווִישֶׁען אֲבִימֶלֶךְ אוּנְד
צְווִישֶׁען דִיא מֶענֶער פוּן שְׁכֶם, אוּנְד
דִיא בַּעֲלֵי שְׁכֶם הָאבֶּען מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען
קֶעגֶען אֲבִימֶלֶךְ׃
24 כְּדֵי עֶס זָאל קוּמֶען אִיבֶּער אִיהְם
דִיא רויבֶּערַייא פוּן דִיא זִיבֶּעצִיג זִיהְן
פוּן יְרֻבַּעַל, אוּנְד אַז זֵייעֶר בְּלוּט זָאל
גֶעלֵייגְט וֶוערֶען אויף אֲבִימֶלֶךְ זֵייעֶר
בְּרוּדֶער, ווייל עֶר הָאט זֵייא גֶעהַרְגֶעט,
אוּנְד אִיבֶּער דִיא בַּעֲלֵי שְׁכֶם, ווייל זֵייא
הָאבֶּען גֶעשְׁטַארְקְט זֵיינֶע הֶענְד צוּ
הַרְגְנֶ'ן זֵיינֶע בְּרִידֶער׃
25 אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן שְׁכֶם הָאבֶּען
גֶעשְׁטֶעלְט לוֹיעֶרְס אויף דִיא שְׁפִּיצֶען
פוּן דִיא בֶּערְג, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֶּע־
גַזֶלְט אִיטְלִיכֶען וָואס אִיז בֵּייא זֵייא
פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען אויף דֶעם וֶועג,
אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ
אֲבִימֶלֶךְ׃
26 אוּנְד גַעַל דֶער זוּהְן פוּן עֶבֶד אִיז
גֶעקוּמֶען מִיט זֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ שְׁכֶם,
אוּנְד דִיא בַּעֲלֵי שְׁכֶם הָאבֶּען זִיךְ אִין
אִיהְם פֶערְזִיכֶערְט׃
27 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרויסְגֶעגַאנְגֶען
אויף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען זֵייעֶרֶע ווייִנְגֶערְטֶען, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען צֶערְטְרֶעטֶען אוּנְד זִיךְ
לוּסְטִיג גֶעמַאכְט, אוּנְד זֶענֶען אַרֵיינְ־
גֶעקוּמֶען אִין דֶעם הויז פוּן זֵייעֶרֶע
אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד
גֶעטְרִינְקֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶע־
שָׁאלְטֶען אֲבִימֶלֶךְ׃
28 אוּנְד גַעַל, זוּהְן פוּן עֶבֶד הָאט
גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז אֲבִימֶלֶךְ? אוּנְד וֶוער
אִיז שְׁכֶם אַז מִיר זָאלֶען אִיהְם דִינֶען?
אִיז עֶר נִיט דֶער זוּהְן פוּן יְרֻבַּעַל, אוּנְד
זְבוּל זֵיין (פָּקִיד) אויפְזֶעהֶער? דִינְט
דִיא לֵייטֶע פוּן חֲמוֹר, דֶעם פָאטֶער
פוּן שְׁכֶם; אוּנְד פַאר וָואס זָאלֶען מִיר
אִיהְם דִינֶען?
29 אוּנְד וֶוער וָואלְט גֶעגֶעבֶּען אַז דָאס
דָאזִיגֶע פָאלְק וֶוער אִין מֵיינֶע הַאנְד,
אַזוֹי הֶעט אִיךְ דֶעם אֲבִימֶלֶךְ שׁוֹין
אָפְּגֶעטְהוּן! אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט
צוּ אֲבִימֶלֶךְ פֶערְמֶעהְר דֵיין חַיִל אוּנְד
קוּם אַרויס׃
30 אוּנְד וֶוען זְבוּל דֶער אויבֶּערְשְׁטֶער
פוּן דֶער שְׁטָאט הָאט גֶעהֶערְט דִיא
וֶוערְטֶער פוּן גַעַל זוּהְן פוּן עֶבֶד, אַזוֹי
הָאט זִיךְ זֵיין צָארְן דֶערְגְרִימְט׃
31 אוּנְד עֶר הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים
צוּ אֲבִימֶלֶךְ אַז קֵיינֶער זָאל נִיט ווִיסֶען,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֶעה, גַעַל זוּהְן פוּן עֶבֶד
אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען
נָאךְ שְׁכֶם, אוּנְד זֶעה, זֵייא בֶּעלַאגֶערְן
דִיא שְׁטָאט קֶעגֶען דִיר׃
32 אוּנְד אַצוּנְד, שְׁטֵייא אויף בֵּייא
נַאכְט, דוּא אוּנְד דָאס פָאלְק וָואס אִיז
מִיט דִיר, אוּנְד לוֹיעֶר אִין דֶעם פֶעלְד׃
33 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אִין דֶער פְרִיה,

ווען

וָוען דיא זוּן הֶייבְּט אָן צוּ שַׁיינֶען אַזוֹי
זָאלְסְט דוּא פְּריה אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד דִיךְ
פֶערשְׁפְּרֵייטֶען אִיבֶּער דֶער שְׁטָאט,
אוּנְד זֶעה, וָוען עֶר אוּנְד דָאס פָאלְק
וָואס אִיז מִיט אִיהְם וָועלֶען קֶעגֶען דִיר
אַרוֹיסְגֵיין אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ אִיהְם
טְהוּן אַזוֹי וִויא דוּא וָועסְט הָאבֶּען
מַאכְט׃
34 אַזוֹי אִיז אֲבִימֶלֶךְ אוּנְד דָאס גַאנְצֶע
פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא נַאכְט, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעלוֹיעֶרְט אִיבֶּער שְׁכֶם אִין
פִיעֶר טֵיילֶען׃
35 אוּנְד גַעַל בֶּן עֶבֶד אִיז אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט
בֵּייא דֶער טְהִיר פוּן דֶעם שְׁטָאט טְהָאר,
אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק
וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען זֶענֶען
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן זֵייעֶר לוֹיעֶר פְּלַאץ׃
36 אוּנְד וָוען גַעַל הָאט גֶעזֶעהֶען
דָאס פָאלְק אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ
זְבוּל, זֶעה, אַ פָאלְק נִידֶערְט אַרוּפּ פוּן
דִיא שְׁפִּיץ בֶּערְג, אוּנְד זְבוּל הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא זֶעהְסְט אַ שָׁאטֶען
פוּן דִיא בֶּערְג אַזוֹי וִויא מֶענְשֶׁען׃
37 אָבֶּער גַעַל הָאט נָאךְ אַ מָאל
גֶערֶעט, אוּנְד גֶעזָאגְט, זֶעה אַ פָאלְק
נִידֶערְט אַרוּפּ פוּן דֶער מִיטֶען פוּן
לַאנְד, אוּנְד אֵיין הוֹיפְּטְטֵייל קוּמְט פוּן
דֶעם וֶועג פוּן דֶעם פְּלַאץ מְעוֹנְנִים׃
38 אוּנְד זְבוּל הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אַוְואוּ אִיז יֶעצְט דֵיין מוֹיל, אַז דוּא
הָאסְט גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז אֲבִימֶלֶךְ אַז
מִיר זָאלֶען אִיהְם דִינֶען? אִיז דָאס נִיט
דָאס פָאלְק וָואס דוּא הָאסְט אִיהְם
פֶערַאכְטֶעט? גֵייא דָאךְ אַצוּנְד אַרוֹיס
אוּנְד הַאלְט מִיט אִיהְם מִלְחָמָה׃

39 אַזוֹי אִיז גַעַל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פַאר
דִיא לֵייט פוּן שְׁכֶם אוּנְד עֶר הָאט
מִיט אֲבִימֶלֶךְ מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען׃
40 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט אִיהְם נָאכְ־
גֶעיָאגְט, אוּנְד עֶר אִיז פַאר אִיהְם
אֶנְטְלָאפֶען, אוּנְד פִיל דֶערשְׁלָאגֶענֶע
זֶענֶען גֶעפַאלֶען בִּיז צוּ דֶער טְהִיר
פוּן דֶעם טְהָאר׃
41 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין
אָרוּמָה, אוּנְד זְבוּל הָאט פֶערטְרִיבֶּען
גַעַל אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער אַז זֵייא זָאלֶען
זִיךְ נִיט בֶּעזֶעצֶען אִין שְׁכֶם׃
42 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
אַנְדֶערְן מָארְגֶען אַזוֹי אִיז דָאס פָאלְק
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ אֲבִימֶלֶךְ׃
43 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דָאס
פָאלְק אוּנְד עֶר הָאט עֶס צוּטֵיילְט צוּ
דְרֵייא הוֹיפְּטְטֵיילֶען, אוּנְד הָאט גֶע־
לוֹיעֶרְט אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד וָוען
עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דָאס פָאלְק אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער שְׁטָאט אַזוֹי
אִיז עֶר קֶעגֶען זֵייא אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד הָאט זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען׃
44 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ אוּנְד דִיא הוֹיפְּטְ־
לֵייטֶע וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען,
הָאבֶּען זִיךְ פַארשְׁפְּרֵייט אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט בֵּייא דֶער טְהִיר
פוּן דֶעם שְׁטָאט טָהאר, אָבֶּער דִיא
אַנְדֶערֶע צְוֵוייא הוֹיפְּטְטֵיילֶען הָאבֶּען
זִיךְ פַארשְׁפְּרֵייט קֶעגֶען אַלֶע וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען׃
45 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט דֶעם דָאזִיגֶען
גַאנְצֶען טָאג מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט
דֶער שְׁטָאט, אוּנְד עֶר הָאט דִיא
שְׁטָאט אֵיינְגֶענוּמֶען, אוּנְד דָאס פָאלְק

וָואס אִיז אִין אִיהְר גֶעוֶועזֶען הָאט עֶר
גֶעהַרְגֶ׳ת, אוּנְד עֶר הָאט דִיא שְׁטָאט
צוּשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיא בֶּעזֵייעֶט
מִיט זַאלְץ׃
46 אוּנְד וֶוען דִיא לֵייטֶע פוּן דֶעם
טְהוּרְם שְׁכֶם הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט
אַזוֹי זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען צוּ דֶער
הַאלְלֶע פוּן דֶעם הויז פוּן אֵל בְּרִית׃
47 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען
צוּ אֲבִימֶלֶךְ אַז דִיא לֵייטֶע פוּן דֶעם
טְהוּרְם שְׁכֶם הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט׃
48 אַזוֹי אִיז אֲבִימֶלֶךְ אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
אוֹיף דֶעם בַּארְג צַלְמוֹן, עֶר אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט גֶענוּמֶען
דִיא הַאק אִין זֵיינֶע הַאנְד אוּנְד עֶר
הָאט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען צְוַוייגֶען פוּן בֵּיימֶער,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד
הָאט זֵייא גֶעלֵייגְט אוֹיף זֵיינֶע אַקְסֶעל,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק
וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, וָואס
אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז אִיךְ הָאבּ גֶעט־
טְהוּן, אֵיילְט אֵייךְ צוּ טְהוּן גְלֵייךְ אַזוֹי
וִויא אִיךְ׃
49 אַזוֹי הָאט אוֹיךְ דָאס גַאנְצֶע פָאלְק
אִיטְלִיכֶער אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען אַ צְוַוייג, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ אֲבִימֶלֶךְ,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעלֵייגְט אִין
דֶער הַאלְלֶע, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דִיא
הַאלְלֶע אָנְגֶעצִינְדֶען מִיט פֵייעֶר, אַזוֹי
זֶענֶען אוֹיךְ אַלֶע לֵייטֶע פוּן דֶעם
טְהוּרְם שְׁכֶם גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַן אֶרֶךְ
פוּן טוֹיזֶענְד מֶענֶער אוּנְד וַוייבֶּער׃
50 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ
תֵּבֵץ, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעלַאגֶערְט
אִין תֵּבֵץ אוּנְד עֶר הָאט זִיא אֵיינְגֶע־
נוּמֶען׃
51 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער
מִיטֶע פוּן דֶער שְׁטָאט אַ שְׁטַארְקֶער
טְהוּרְם, אוּנְד אַלֶע מֶענֶער אוּנְד וַוייבֶּער
זֶענֶען דָארְט אַהִינְגֶעלָאפֶען, אוּנְד (אוֹיךְ)
אַלֶע שְׁטָאט־לֵייט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ פֶערְשְׁלָאסֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם דַאךְ פוּן
דֶעם טְהוּרְם׃
52 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ אִיז גֶעקוּמֶען בִּיז
צוּ דֶעם טְהוּרְם אוּנְד עֶר הָאט דַאמִיט
מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
גֶענֶעהֶנְט בִּיז צוּ דִיא טְהִיר פוּן דֶעם
טְהוּרְם אִיהְם צוּ פֶערְבְּרֶענֶען מִיט
פֵייעֶר׃
53 אָבֶּער אַ וַוייבּ הָאט גֶעוָוארְפֶען
אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן אֲבִימֶלֶךְ אַ שְׁטִיק
פוּן אַ מִיל־שְׁטֵיין, אוּנְד עֶס הָאט זֵיין
קָאפּ צֶערְשְׁמֶעטֶערְט׃
54 אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשְׁווינְד גֶערוּפֶען
זֵיין יוּנְג וָואס הָאט גֶעטְרָאגֶען זֵיין כְּלֵי
זַיין, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
צִיה אַרוֹיס דֵיין שְׁוֶוערְט אוּנְד טֵייט
מִיךְ, אַז מֶען זָאל נִיט זָאגֶען אַז אַ
וַוייבּ הָאט אִיהְם גֶעהַרְגֶ׳ת, אַזוֹי הָאט
אִיהְם זֵיין יוּנְג גֶעשְׁטָאכֶען אוּנְד עֶר
אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען׃
55 אוּנְד וֶוען דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז אֲבִימֶלֶךְ אִיז גֶעשְׁ־
שְׁטָארְבֶּען אַזוֹי אִיז אִיטְלִיכֶער גֶעגַאנְגֶען
צוּ זֵיין אָרְט׃
56 אוּנְד גָאט הָאט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט
דָאס בֵּייזֶע פוּן אֲבִימֶלֶךְ וָואס עֶר הָאט
גֶעטְהוּן צוּ זֵיין פָאטֶער, צוּ הַרְגֶ׳נֶען
זֵיינֶע זִיבֶּעצִיג בְּרִידֶער׃
57 אוּנְד אַלֶעס בֵּייזֶע פוּן דִיא מֶענֶער
פוּן שְׁכֶם הָאט גָאט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט
אוֹיף זֵייעֶרֶע קֶעפּ, אוּנְד אַזוֹי אִיז אִיבֶּער

זייא געקומען דיא קללה פון יותם
זוהן פון ירבעל

קאפיטעל י

1 אונד נאך אבימלך איז אויפגע־
שטאנען, אום ישראל צו העלפען, תולע
דער זוהן פון פואה, דער זוהן פון
דודו, א מאן פון יששכר, אונד ער
האט געוואוינט אין שמיר אויף דעם
בארג אפרים:
2 אונד ער האט ישראל געמשפט
דרייא אונד צוואנציג יאהר, אונד איז
געשטארבען, אונד איז בעגראבען גע־
ווארען אין שמיר:
3 אונד נאך איהם איז אויפגעשטאנען
יאיר פון גלעד, אונד ער האט ישראל
געמשפט צווייא אונד צוואנציג יאהר:
4 אונד ער האט געהאט דרייסיג זיהן
וואס האבען געריטען אויף דרייסיג
יונגע אייזעלן; אונד זייא האבען גע־
האט דרייסיג שטעט, אונד מען האט
זייא גערופען חות יאיר ביז צו דעם
היינטיגען טאג, וואס זענען אין דעם
לאנד גלעד:
5 אונד יאיר איז געשטארבען אונד
מען האט איהם בעגראבען אין קמון:
6 אונד דיא קינדער ישראל האבען
ווידער שלעכטעס געטהון אין דיא
אויגען פון גאט, אונד זייא האבען
געדינט דיא אפגעטער בעלים אונד
עשתרות, אונד דיא געטער פון ארם,
אונד דיא געטער פון צידון אונד דיא
געטער פון מואב, אונד דיא געטער
פון דיא קינדער עמון, אונד דיא געטער
פון דיא פלשתים, אונד זייא האבען
פערלאזען יהוה אונד האבען איהם
ניט געדינט:
7 אונד דער צארן פון יהוה האט
דערגרימט איבער ישראל, אונד ער
האט זייא איבערגעגעבען אין דיא האנד
פון דיא פלשתים אונד אין דיא האנד
פון דיא קינדער עמון:
8 אונד זייא האבען דיא קינדער
ישראל געפייניגט אונד אונטערדריקט
פון דעמזעלביגען יאהר אן, אכטצעהן
יאהר לאנג האט גאנץ ישראל געליטען
וואס זענען געוועזען אויף יענער זייט
ירדן אין דעם לאנד פון אמורי וואס
איז אין גלעד:
9 אונד דיא קינדער פון עמון זענען
אריבערגעגאנגען דעם ירדן אויך מלחמה
צו האלטען מיט יהודה, אונד מיט
בנימין אונד מיט דעם הויז פון אפרים,
אונד עס איז צו ישראל זייער ענג
געוועזען:
10 אונד דיא קינדער ישראל האבען
געשריגען צו גאט, אזוי צו זאגען, מיר
האבען קעגען דיר געזינדיגט, ווייל
מיר האבען פערלאזען אונזער גאט,
אונד האבען געדינט דען בעלים:
11 אונד גאט האט געזאגט צו דיא
קינדער ישראל האב איך אייך ניט
מציל געוועזען פון מצרים אונד פון
דעם אמורי, פון דיא קינדער עמון
אונד פון דיא פלשתים?
12 אונד ווען דיא צידונים אונד עמלק
אונד מעון האבען אייך אונטערדריקט
אונד איהר האט צו מיר געשריגען
אזוי האב איך אייך געהאלפען אויס
זייערע הענד:
13 אבער איהר האט מיך פערלאזען
אונד איהר האט געדינט אנדערע
געטער, דארום וויל איך אייך ניט
מעהר העלפען:
14 גייט אונד שרייט צו דיא געטער

וָואס אִיהְר הָאט זֵייא אויסְדֶערְוֶוייְלְט,
לָאזֶען זֵייא אֵייךְ הֶעלְפֶען אִין דֶער
צֵייט פוּן אֵיירֶע צָרָה׃
15 אָבֶּער דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
גֶעזָאגְט צוּ יְהוָה, מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט,
טְהוּא דוּא צוּ אוּנְס נָאךְ אַלֶעם וָואס
אִיז גוּט אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, גַייעֶרְט זֵייא
אוּנְס נוּר מַצִיל דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג׃
16 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פוּן זִיךְ אָפְּ־
גֶעטְהוּן דִיא פְרֶעמְדֶע אָפְּגֶעטֶער פוּן
צְווִישֶׁען זֵייא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעדִינְט
דֶעם יְהוה, אוּנְד עֶר אִיז אוּנְגֶעדוּלְדִיג
גֶעוָוארֶען װעגֶען דִיא צָרוֹת פוּן יִשְׂרָאֵל׃
17 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן עַמוֹן זֶענֶען
פֶערְזַאמֶעלְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אִין גִלְעָד, אוּנְד דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט,
אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אִין מִצְפָּה׃
18 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעזָאגְט,
דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן גִלְעָד אֵיינֶער צוּ
דֶעם אַנְדֶערְן, דֶער מַאן וָואס וֶועט
אָנְהֵייבֶּען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט
דִיא קִינְדֶער פוּן עַמוֹן דֶער זָאל זַיין אַ
הויפְּטמַאן אִיבֶּער אַלֶע אֵיינְוואוֹינֶער
פוּן גִלְעָד׃

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד יִפְתָּח אוּים גִלְעָד, אִיז גֶעוֶועזֶען
אַ שְׁטַארְקֶער הֶעלְד, אָבֶּער עֶר אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ זוּהְן פוּן אַ זוֹנָה, אוּנְד
גִלְעָד הָאט גֶעווִינֶען דֶעם יִפְתָּח׃
2 אוּנְד דָאס וַוייבּ פוּן גִלְעָד הָאט צוּ
אִיהְם גֶעווִינֶען זִיהְן, אוּנְד װען דִיא
קִינְדֶער פוּן דֶעם וַוייבּ זֶענֶען אוֹיפְּ־
גֶעוַואקְסֶען אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא דֶעם יִפְתָּח
פֶערְטְרִיבֶּען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט יַרְשְׁנְ'ן אִין
דֶעם הויז פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער, וָוארִין
דוּא בִּיזְט דֶער זוּהְן פוּן אַן אַנְדֶערֶע
פְרוֹיא׃
3 אַזוֹי אִיז יִפְתָּח אֶנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען
פוּן פַאר זֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד עֶר הָאט
זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין דֶעם לַאנְד טוֹב, אוּנְד
עֶס הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעקְלִיבֶּען צוּ
יִפְתָּח לֵיידִיגֶע מֶענְשֶׁען, אוּנְד זֶענֶען
מִיט אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען׃
4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ אַ צֵייט
אַזוֹי הָאבֶּען דִיא בְּנֵי עַמוֹן מִלְחָמָה
גֶעהַאלְטֶען מִיט יִשְׂרָאֵל׃
5 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז װען דִיא
בְּנֵי עַמוֹן הָאבֶּען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען
מִיט יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי זֶענֶען דִיא עֶלְצְטֶע
פוּן גִלְעָד אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אוּם צוּ נֶעמֶען
דֶעם יִפְתָּח פוּן דֶעם לַאנְד טוֹב׃
6 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ יִפְתָּח
קוּם אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ אוּנְס זֵיין צוּ
אַ הַאר, אוּנְד מִיר וֶועלֶען מִלְחָמָה
הַאלְטֶען מִיט דִיא בְּנֵי עַמוֹן׃
7 אַזוֹי הָאט יִפְתָּח גֶעזָאגְט צוּ דִיא
עֶלְצְטֶע פוּן גִלְעָד, הָאט אִיהְר מִיךְ
נִיט גֶעהַאסְט, אוּנְד מִיךְ פֶערְטְרִיבֶּען
פוּן מֵיין פָאטֶערְס הויז? אוּנְד וַוארוּם
זֶענְט אִיהְר יֶעצְט צוּ מִיר גֶעקוּמֶען
װען עֶס אִיז אֵייךְ עֶנְג?
8 אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן גִלְעָד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט צוּ יִפְתָּח, דַארוּם הָאבֶּען מִיר
אוּנְס יֶעצְט אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד װען
דוּא וֶועסְט גֵיין מִיט אוּנְס אוּנְד מִיר
וֶועלֶען מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דִיא בְּנֵי
עַמוֹן אַזוֹי וֶועסְט דוּא זֵיין צוּ אוּנְס
אַלְס הויפְּטמַאן צוּ אַלֶע בֶּעווְאוֹינֶער
פוּן גִלְעָד׃
9 אוּנְד יִפְתָּח הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
עֶלְצְטֶע פוּן גִלְעָד, װען אִיהְר וֶועט
מִיךְ צוּרִיקבְּרֶענְגֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען

מיט

מִיט דִיא בְּנֵי עַמּוֹן אוּנְד גָאט וֶועט זֵייא פַאר מִיר אִיבֶּערְגֶעבֶּען, וֶועל אִיךְ (דֶען זִיכֶער) זֵיין אַ הוֹיפְּטמַאן צוּ אֵייךְ ?

10 אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן גִלְעָד הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ יִפְתָּח, גָאט זָאל הֶערֶען (אַלְס עֵדוּת) צְווִישֶׁען אוּנְס אוֹיבּ מִיר וֶועלֶען נִיט טְהוּן אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט גֶערֶעט :

11 אַזוֹי אִיז יִפְתָּח אַהִינְגֶעגַאנְגֶען מִיט דִיא עֶלְצְטֶע פוּן גִלְעָד, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאבֶּען אִיהְם גֶעמַאכְט אַלְס הוֹיפְּטמַאן אוּנְד הַאר אִיבֶּער זֵייא, אוּנְד יִפְתָּח הָאט גֶערֶעט אַלֶע זֵיינֶע וֶוערְטֶער פַאר גָאט אִין מִצְפָּה :

12 אוּנְד יִפְתָּח הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן דִיא בְּנֵי עַמּוֹן אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וָואס הָאסְט דוּא צוּ מִיר אַז דוּא בִּיזְט קֶעגֶען מִיר גֶעקוּמֶען אִין מֵיין לַאנְד מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען ?

13 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן דִיא בְּנֵי עַמּוֹן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא שְׁלוּחִים פוּן יִפְתָּח, ווייל יִשְׂרָאֵל הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען מֵיין לַאנְד, וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם, פוּן אַרְנוֹן בִּיז צוּ דֶעם טֵייךְ יַבּוֹק אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד אַצוּנְד גֶעבּ עָס מִיר צוּרִיק מִיט שָׁלוֹם :

14 אוּנְד יִפְתָּח הָאט נָאךְ אַ מָאל גֶע־שִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן דִיא בְּנֵי עַמּוֹן :

15 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעלָאזְט זָאגֶען ; אַזוֹי זָאגְט יִפְתָּח, יִשְׂרָאֵל הָאט נִיט אַוֶועקְגֶענוּמֶען דָאס לַאנְד פוּן מוֹאָב אוּנְד דָאס לַאנְד פוּן דִיא בְּנֵי עַמּוֹן :

16 גֵייעֶרְט וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען פוּן מִצְרַיִם אַזוֹי אִיז יִשְׂרָאֵל גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא מִדְבָּר בִּיז צוּ דֶעם יַם סוּף, אוּנְד גֶעקוּמֶען נָאךְ קָדֵשׁ :

17 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן אֱדוֹם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לָאז מִיךְ אִיבֶּערְפָאהְרֶען אִין דֵיין לַאנְד ; אָבֶּער דֶער קֶענִיג פוּן אֱדוֹם הָאט נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען, אוּנְד אוֹיךְ צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן מוֹאָב הָאט (יִשְׂרָאֵל) גֶעשִׁיקְט, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ נִיט גֶעוָואלְט (הֶערֶען) אַזוֹי אִיז יִשְׂרָאֵל גֶעבְּלִיבֶּען אִין קָדֵשׁ :

18 אוּנְד אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער מִדְבָּר אוּנְד הָאבֶּען אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט דָאס לַאנְד אֱדוֹם אוּנְד דָאס לַאנְד מוֹאָב, אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט פוּן דֶעם לַאנְד מוֹאָב אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אַן דֶער אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן אַרְנוֹן, אָבֶּער זֵייא זֶענֶען נִיט גֶעקוּמֶען אִין דִיא גְרֶענֶעץ פוּן מוֹאָב, וָוארִין אַרְנוֹן אִיז דִיא גְרֶענֶעץ פוּן מוֹאָב :

19 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ סִיחוֹן קֶענִיג פוּן דֶעם אֱמוֹרִי, קֶענִיג פוּן חֶשְׁבּוֹן, אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט אִיהְם גֶעלָאזְט זָאגֶען, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לָאז אוּנְס אִיבֶּערְפָאהְרֶען דוּרְךְ דֵיין לַאנְד בִּיז צוּ מֵיין אָרְט :

20 אָבֶּער סִיחוֹן הָאט נִיט גֶעטְרוֹיט יִשְׂרָאֵל, אַז עֶר זָאל זֵייא לָאזֶען אִיבֶּער־פָאהְרֶען דוּרְךְ זֵיינֶע גְרֶענֶעץ, גֵייעֶרְט סִיחוֹן הָאט פֶערְזַאמֶעלְט זֵיין גַאנְצֶעס פָאלְק, אוּנְד הָאט גֶעלַאגֶערְט אִין יָהְצָה אוּנְד הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט יִשְׂרָאֵל :

21 אוּנְד יְהֹוָה דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעגֶעבֶּען דֶעם סִיחוֹן אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעס פָאלְק אִין דִיא הַאנְד פוּן

יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעיַרְשְׁת דָאס גַאנְצֶע לַאנְד פוּן דֶעם אֱמוֹרִי וָואס הָאבֶּען בֶּעוְואוינְט דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד׃
22 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעיַרְשְׁת דִיא גַאנְצֶע גְרֶענְעֶץ פוּן דֶעם אֱמוֹרִי, פוּן אַרְנוֹן בִּיז צוּ דֶעם יַבּוֹק, אוּנְד פוּן דֶער מִדְבָּר בִּיז צוּ דֶעם יַרְדֵן׃
23 אוּנְד אַזוֹי הָאט יֶעצְט יְהוָֹה דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל פֶערטְרִיבֶּען דֶעם אֱמוֹרִי פוּן פַאר זֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אוּנְד ווִילְסְט דוּא עֶס יַרְשְׁנְ׳ן׃
24 ווִילְסְט דוּא נִיט דָאס יַרְשְׁנְ׳ן וָואס כְּמוֹשׁ, דֵיין גָאט, וֶועט דִיךְ יַרְשְׁנְ׳ן מַאכֶען? אוּנְד אַלֶעס וָואס יְהוָֹה אוּנְזֶער גָאט וֶועט פַאר אוּנְס פֶערטְרֵייבֶּען דָאס וֶועלֶען מִיר יַרְשְׁנְ׳ן׃
25 אוּנְד אַצוּנְד בִּיזְט דוּא דֶען פִיל בֶּעסֶער פוּן בָּלָק בֶּן צִפּוֹר, קֶענִיג פוּן מוֹאָב? הָאט עֶר זִיךְ גֶעקְרִיגְט מִיט יִשְׂרָאֵל? אָדֶער הָאט עֶר מִיט זֵייא מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען?
26 וֶוען יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעוְואוינְט אִין חֶשְׁבּוֹן אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער, אוּנְד אִין עַרְעוֹר אוּנְד אִין אִיהְרֶע דֶערְפֶער, אוּנְד אִין אַלֶע שְׁטֶעט וָואס זֶענֶען בֵּייא אַרְנוֹן דְרֵייא הוּנְדֶערְט יָאהְר, פַאר וָואס הָאט אִיהְר זֵייא נִיט מַצִיל גֶעוֶועזֶען אִין דֶער דָאזִיגֶער צֵייט׃
27 אוּנְד אִיךְ הָאבּ נִיט קֶעגֶען דִיר גֶעזִינְדִיגְט, אָבֶּער דוּא טְהוּסְט מִיר שְׁלֶעכְטֶעס מִיט מִיר מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, לָאז גָאט דֶער שׁוֹפֵט הֵיינְט מִשְׁפָּטְן צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער פוּן עַמוֹן׃
28 אָבֶּער דֶער קֶענִיג פוּן דִיא קִינְדֶער עַמוֹן הָאט נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען דִיא ווֶערְטֶער פוּן יִפְתָּח וָואס עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט׃
29 אוּנְד דֶער גֵ״יסְט פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף יִפְתָּח, אוּנְד עֶר אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען גִלְעָד, אוּנְד מְנַשֶּׁה, אוּנְד אִיז אִיבֶּערְגֶעפָאהְרֶען מִצְפֵּה גִלְעָד, אוּנְד פוּן מִצְפֵּה גִלְעָד אִיז עֶר אִיבֶּערְגֶעפָאהְרֶען צוּ דִיא קִינְדֶער עַמוֹן׃
30 אוּנְד יִפְתָּח הָאט אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן צוּ גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא וֶועסְט גֶעווִיס גֶעבֶּען דִיא קִינְדֶער עַמוֹן אִין מֵיינֶע הַאנְד אַרֵיין׃
31 עֶס זָאל זֵיין, אַז דָאס וָואס וֶועט אַרוֹיסְגֵיין פוּן דִיא טְהִירֶען פוּן מֵיין הוֹיז מִיר אֶנְטְקֶעגֶען, וֶוען אִיךְ קוּם צוּרִיק בְּשָׁלוֹם פוּן דִיא קִינְדֶער עַמוֹן, דָאס זָאל זֵיין פַאר גָאט אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס מַקְרִיב זֵיין אַלְס אַ קָרְבָּן עוֹלָה׃
32 אוּנְד יִפְתָּח אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא קִינְדֶער עַמוֹן אוּם מִיט זֵייא מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, אוּנְד גָאט הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אִין זֵיינֶע הֶענְד אַרֵיין׃
33 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען פוּן עֲרוֹעֵר אָן בִּיז מֶען קוּמְט קֵיין מִנִּית, צְוַואנְצִיג שְׁטֶעט, אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם פְּלַאץ פוּן דִיא ווַיינְגֶערְטֶען, אַ זֵייעֶר גְרוֹיסֶען שְׁלַאק, אוּנְד אַזוֹי זֶענֶען דִיא בְּנֵי עַמוֹן אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען בֶּעפָאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃
34 אוּנְד וֶוען יִפְתָּח אִיז גֶעקוּמֶען פוּן מִצְפָּה צוּ זֵיין הוֹיז, זֶעה, אַזוֹי אִיז זֵיינֶע טָאכְטֶער אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִיהְם אֶנְטְקֶעגֶען מִיט פּוֹיקֶען אוּנְד טַאנְץ, אוּנְד זִיא אִיז נָאר גֶעוֶועזֶען זֵיינֶע אֵיינְצִיגֶע, חוּץ אִיהְר הָאט עֶר נִיט גֶעהַאט קֵיין זוּהְן אָדֶער טָאכְטֶער׃

35 אונד עס איז געװעזען װען ער האט זיא דערזעהען אַזוי האט ער צעריסען זײנע קלײדער, אונד ער האט געזאגט, אױ מײנע טאכטער! דוא האסט מיך זעהר אַנידער געבױגט, אונד דוא האסט מיך בעטריבט, װארין איך האב אױפגעמאכט מײן מױל צו גאט אונד איך קען עס ניט צוריק געמען:

36 אונד זיא האט געזאגט צו איהם, מײן פאטער, װען דוא האסט אױפגעמאכט דײן מױל צו יְהֹוָה אַזוי טהוא צו מיר װאס איז אַרױסגעגאַנגען פון דײן מױל, דערװײל גאט האט צו דיר דאס געטהון אונד האט געהאט נקמות אַן דײנע פײנד, דיא בְּנֵי עַמּוֹן:

37 אונד זיא האט געזאגט צו איהר פאטער, לאז דיא דאזיגע זאך צו מיר געטהון װערען, לאז אָפּ פון מיר צװײא חֳדָשִׁים אונד איך װעל אַהינגײן אונד אַרופּנידערן אױף דיא בערג אונד װעל װײנען, אױף מײנע יוגענד, איך אונד מײנע פרײנדע:

38 אונד ער האט געזאגט גײא, אונד ער האט זיא אַװעקגעשיקט אױף צװײא חֳדָשִׁים, אונד זיא איז געגאַנגען מיט איהרע פרײנדע אונד זיא האט געװײנט איבער איהרע יוגענד אױף דיא בערג:

39 אונד עס איז געװעזען אַם ענד פון דיא צװײא חֳדָשִׁים אַזוי איז זיא צוריקגעקומען צו איהר פאטער, אונד ער האט צו איהר געטהון זײן נדר װאס ער האט מְנַדֵּר געװעזען, אונד זיא האט נאך ניט געקאַנט אַ מאַן— אונד דאס איז געװאָרען אַ געזעץ אין יִשְׂרָאֵל:

40 אַז פון יאָהר צו יאָהר זאָלען דיא טעכטער פון יִשְׂרָאֵל קלאָגען איבער דיא טאכטער פון יִפְתָּח דעם גִּלְעָדִי, פיער טעג אים יאָהר:

## קאפּיטעל יב

1 אונד דיא מענער פון אֶפְרַיִם האבען זיך פערזאַמעלט אונד זענען אַריבערגעגאַנגען צו צָפוֹן־זײט, אונד זײא האבען געזאגט צו יִפְתָּח, פאַר װאָס ביזט דוא אַריבערגעגאַנגען מִלְחָמָה צו האַלטען מיט דיא בְּנֵי עַמּוֹן אונד דוא האסט אונס ניט גערופען מיט דיר מיט צו גײן? (דאַרום) װעלען מיר פערברענען דײן הױז מיט דיר אים פײער:

2 אונד יִפְתָּח האט צו זײא געזאגט, איך אונד מײן פאלק זענען געװעזען זעהר אין דעם קריג מיט דיא בְּנֵי עַמּוֹן, אונד איך האב צו אײך געשריגען אָבער איהר האט מיר ניט געהאָלפען פון זײערע הענד:

3 אונד װען איך האב געזעהען אַז איהר האט מיר ניט געהאָלפען, אַזוי האב איך מײן לעבען אין מײנע האַנד געטהון, אונד איך בין אַריבערגעגאַנגען צו דיא בְּנֵי עַמּוֹן, אונד גאט האט זײא געגעבען אין מײנע האַנד; פאַר װאָס זענט איהר צו מיר אַרױסגעקומען דעם הײנטיגען טאג מיט מיר מִלְחָמָה צו האַלטען?

4 אונד יִפְתָּח האט אײנגעזאַמעלט אַלע לײטע פון גִּלְעָד אונד ער האט מִלְחָמָה געהאַלטען מיט אֶפְרַיִם, אונד דיא מענער פון גִּלְעָד האבען געשלאָגען אֶפְרַיִם, װײל זײא האבען געזאגט, איהר פון גִּלְעָד זענט נאר אַנטרונעגע פון אֶפְרַיִם, צװישען אֶפְרַיִם אונד צװישען מְנַשֶּׁה:

5 אוּנְד דִיא לֵייט פוּן גִלְעָד הָאבֶּען אֵיינְגֶענוּמֶען דִיא אִיבֶּערְפָאהְרְטֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן וָואס הָאבֶּען גֶעהֶערְט צוּ אֶפְרַיִם, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז וֶוען אֵיין עֶנְטְרוּנֶענֶער פוּן אֶפְרַיִם הָאט גֶעזָאגְט, לָאז מִיךְ אַרִיבֶּערְגֵיין; אַזוֹי הָאבֶּען דִיא לֵייטֶע פוּן גִלְעָד צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיזְט דוּא פוּן אֶפְרַיִם? וֶוען עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נֵיין:

6 אַזוֹי הָאבֶּען זַייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זָאג דָאךְ (דָאס וָוארְט) שִׁבּוֹלֶת, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, סִבּוֹלֶת, וַוייל עֶר הָאט עֶס נִיט גֶעקֶענְט אַזוֹי רֶעכְט זָאגֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען אוּנְד אִיהְם גֶעשָׁאכְטֶען בַּייא דִיא אִיבֶּערְפָאהְרְט פוּן דֶעם יַרְדֵן; אוּנְד עֶס זֶענֶען אִין דֶער דָאזִיגֶער צַייט גֶעפַאלֶען פוּן אֶפְרַיִם צְווייא אוּנְד פֶערְצִיג טוֹיזֶענְד מַאן:

7 אוּנְד יִפְתָּח הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעמִשְׁפָּט זֶעקְס יָאהְר, אוּנְד יִפְתָּח דֶער גִלְעָדִי אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין אַ שְׁטָאט פוּן גִלְעָד:

8 אוּנְד נָאךְ אִיהְם הָאט אִבְצָן, אוֹיס בֵּית לֶחֶם, יִשְׂרָאֵל גֶעמִשְׁפָּט:

9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט דְרֵייסִיג זִיהְן, אוּנְד דְרֵייסִיג טֶעכְטֶער, דִיא הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד עֶר הָאט אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט דְרֵייסִיג טֶעכְטֶער פַאר זֵיינֶע זִיהְן פוּן דְרוֹיסֶען; אוּנְד עֶר הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעמִשְׁפָּט זִיבֶּען יָאהְר:

10 אוּנְד אִבְצָן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין בֵּית לֶחֶם:

11 אוּנְד נָאךְ אִיהְם הָאט אֵילוֹן, פוּן שֵׁבֶט זְבוּלוּן, יִשְׂרָאֵל גֶעמִשְׁפָּט, אוּנְד עֶר הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעמִשְׁפָּט צֶעהְן יָאהְר:

12 אוּנְד אֵילוֹן הַזְבוּלוֹנִי אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין אַיָלוֹן אִין דֶעם לַאנְד פוּן זְבוּלוּן:

13 אוּנְד נָאךְ אִיהְם הָאט עַבְדוֹן, זוּהְן פוּן הִלֵּל פוּן פִּרְעָתוֹן, יִשְׂרָאֵל גֶעמִשְׁפָּט:

14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט פֶערְצִיג זִיהְן אוּנְד דְרֵייסִיג אֵיינִיקְלֶעךְ, זַייא הָאבֶּען גֶערִיטֶען אוֹיף זִיבֶּעצִיג יוּנְגֶע אֵייזֶעלְן, אוּנְד עֶר הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעמִשְׁפָּט אַכְט יָאהְר:

15 אוּנְד עַבְדוֹן זוּהְן פוּן הִלֵּל אוֹיס פִּרְעָתוֹן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין פִּרְעָתוֹן אִין דֶעם לַאנְד פוּן אֶפְרַיִם, אוֹיף דֶעם בַּארְג פוּן עֲמָלֵק:

## קאפיטעל יג

1 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען נָאךְ אַ מָאל שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט, אוּנְד גָאט הָאט זַייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים פֶערְצִיג יָאהְר:

2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן פוּן צָרְעָה, פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן דָן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען מָנוֹחַ, אוּנְד זֵיין וַוייבּ אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע עֲקָרָה, אוּנְד זִיא הָאט נִיט גֶעוואוּנֶען:

3 אוּנְד דֶער מַלְאַךְ פוּן גָאט הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ דֶעם וַוייבּ, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא בִּיזְט דָאךְ אֵיינֶע עֲקָרָה, אוּנְד דוּא הָאסְט נִיט גֶעווִאוּנֶען, אָבֶּער דוּא וֶועסְט טְרָאגֶעדִיג וֶוערֶען אוּנְד וֶועסְט גֶעווִינֶען אַ זִיהְן:

4 אָבֶּער אַצוּנְד הִיט דִיךְ נוּן, אַז דוּא זָאלְסְט נִיט טְרִינְקֶען קֵיין וַויין אוּנְד קֵיין שְׁטַארְק גֶעטְרֶענְק, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ נִיט עֶסֶען קֵיין שוּם אוּמְרֵיינֶעס:

5 וָוארִין זֶעה דוּא בִּיזְט טְרָאגֶעדִיג, אוּנְד דוּא וֶועסְט גֶעוִוינֶען אַ זִיהְן, עֶס זָאל קֵיין גָאל-מֶעסֶער נִיט אוֹיף זַיין קָאפּ קוּמֶען, וַוייל דֶער יוּנְג וֶועט זַיין אֵיין אָפְּגֶעזוּנְדֶערְטֶער (נָזִיר) צוּ גָאט פוּן (זַיין מוּטֶערְס) בּוֹיךְ; אוּנְד עֶר וֶועט אָנְהֵייבֶּען יִשְׂרָאֵל צוּ הֶעלְפֶען אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים:

6 אַזוֹי אִיז דָאס וַוייבּ גֶעקוּמֶען אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְר מַאן, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַ מַאן פוּן גָאט אִיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען, אוּנְד זַיין אָנְזֶעהֶען אִיז גֶעוֶועזֶען וִויא דָאס אָנְזֶעהֶען פוּן אַ מַלְאַךְ פוּן גָאט, זֵייעֶר פוּרְכְטִיג, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם נִיט גֶעפְּרֶעגְט פוּן וַואנֶען עֶר אִיז, אוּנְד עֶר הָאט מִיר נִיט גֶעזָאגְט זַיין נָאמֶען:

7 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא וֶועסְט טְרָאגֶעדִיג וֶוערֶען, אוּנְד וֶועסְט גֶעוִוינֶען אַ זִיהְן, אוּנְד אַצוּנְד, טְרִינְק נִיט קֵיין וויין אוּנְד קֵיין שְׁטַארְקֶעס גֶעטְרֶענְק, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ נִיט עֶסֶען קֵיין שׁוּם אוּמְרֵיינֶעס, וָוארִין דֶער יוּנְג וֶועט זַיין אַ נָזִיר צוּ גָאט פוּן זַיין מוּטֶערְס בּוֹיךְ אָן בִּיז צוּ דֶעם טָאג פוּן זַיין טוֹיט:

8 אוּנְד מָנוֹחַ הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, אָ מֵיין הַאר, לָאז דָאךְ דֶער מַאן פוּן גָאט וֶועמֶען דוּא הָאסְט גֶעשִׁיקְט נָאךְ אַ מָאל צוּ אוּנְס קוּמֶען, אַז עֶר זָאל אוּנְס לֶערְנֶען וָואס מִיר זָאלֶען טְהוּן צוּ דֶעם יוּנְג וָואס וֶועט גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען:

9 אוּנְד גָאט הָאט גֶעהֶערְט צוּ דֶעם קוֹל פוּן מָנוֹחַ, אוּנְד דֶער מַלְאַךְ פוּן גָאט אִיז נָאךְ אַ מָאל גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם וַוייבּ, וֶוען זִיא אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אָבֶּער מָנוֹחַ אִיהְר מַאן אִיז נִיט מִיט אִיהְר גֶעוֶועזֶען:

10 אַזוֹי הָאט זִיךְ דִיא פְרוֹי גֶעאֵיילְט אוּנְד זִיא אִיז גֶעלָאפֶּען אוּנְד הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ אִיהְר מַאן; אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, דֶער מַאן הָאט זִיךְ צוּ מִיר וִוידֶער בֶּעוִויזֶען וָואס אִיז דֶעם אַנְדֶערְן טָאג צוּ מִיר גֶעקוּמֶען:

11 אַזוֹי אִיז מָנוֹחַ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז זַיין וַוייבּ נָאכְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם מַאן, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיזְט דוּא דֶער מַאן וָואס דוּא הָאסְט גֶערֶעט צוּ דֶעם וַוייבּ? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין עֶס:

12 אַזוֹי הָאט מָנוֹחַ גֶעזָאגְט, לָאז דָאךְ יֶעצְט דֵיין וָוארְט אָנְקוּמֶען, וָואס זָאל זַיין דֶער מִשְׁפָּט פוּן דֶעם יוּנְג? אוּנְד וָואס זָאל מֶען צוּ אִיהְם טְהוּן?

13 אוּנְד דֶער מַלְאַךְ פוּן יְהֹוָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ מָנוֹחַ, פוּן אַלֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט צוּ דֶעם וַוייבּ זָאל זִיא זִיךְ הִיטֶען:

14 פוּן אַלֶעם וָואס גֵייט אַרוֹיס פוּן דֶעם וויינְשְׁטָאק זָאל זִיא נִיט עֶסֶען, אוּנְד קֵיין וויין אָדֶער שְׁטַארְקֶע גֶעטְרֶענְק זָאל זִיא נִיט טְרִינְקֶען, אוּנְד קֵיין שׁוּם אוּמְרֵיינֶעס זָאל זִיא נִיט עֶסֶען, אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהְר גֶעבָּאטֶען זָאל זִיא הִיטֶען:

15 אוּנְד מָנוֹחַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַלְאַךְ פוּן יְהֹוָה, מִיר וֶועלֶען דִיךְ נוּן אוֹיפְהַאלְטֶען אוּנְד פַאר דִיר צוּבֶּערֵייטֶען אַ קְלֵיין צִיקֶעלֶע:

16 אוּנְד דֶער מַלְאַךְ פוּן יְהֹוָה הָאט

גֶעזָאגְט צוּ מָנוֹחַ, חָאטְשֶׁע דוּא װֶעסְט
מִיךְ אוֹיפְהַאלְטֶען אַזוֹי װֶעל אִיךְ דָאךְ
נִיט עֶסֶען פוּן דֵיין בְּרוֹיט, אוּנְד װֶען
דוּא װִילְסְט מַאכֶען אַ בְּרַאנְד־אָפְּפֶער
אַזוֹי זָאלְסְט דוּא עֶס מַקְרִיב זֵיין צוּ
גָאט, װָארִין מָנוֹחַ הָאט נִיט גֶעװְאוּסְט
אַז עֶר אִיז אַ מַלְאַךְ פוּן יְהֹוָה׃
17 אוּנְד מָנוֹחַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מַלְאַךְ פוּן יְהֹוָה, װִיא אִיז דֵיין
נָאמֶען, אַז װֶען דֵיין װָארְט װֶעט מְקוּיָם
װֶערֶען מִיר זָאלֶען דִיךְ עֶהְרֶען׃
18 אוּנְד דֶער מַלְאַךְ פוּן יְהֹוָה הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַאר װָאס אִיז דָאס
אַז דוּא פְרֶעגְסְט נָאךְ מֵיין נָאמֶען, עֶס
אִיז פֶערְהוֹילֶען (פֶּלֶאִי)?
19 אָבֶער מָנוֹחַ הָאט גֶענוּמֶען דָאס
צִיקֶעלֶע אוּנְד דָאס קָרְבָּן מִנְחָה, אוּנְד
עֶר הָאט עֶס אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוֹיף דֶעם
פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין צוּ יְהֹוָה, אוּנְד דֶער
מַלְאַךְ הָאט גֶעטְהוּן װוּנְדֶערְלִיךְ, אוּנְד
מָנוֹחַ אוּנְד זֵיין װַייבּ הָאבֶּען עֶס צוּ־
גֶעזֶעהֶען׃
20 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אַז װֶען
דִיא פְלַאם אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם
מִזְבֵּחַ צוּ דֶעם הִימֶעל, אַזוֹי אִיז דֶער
מַלְאַךְ פוּן יְהֹוָה אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין
דֶער פְלַאם פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד װֶען
מָנוֹחַ אוּנְד זֵיין װַייבּ הָאבֶּען עֶס גֶע־
זֶעהֶען אַזוֹי זֶענֶען זַייא גֶעפַאלֶען אוֹיף
זַייעֶר פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד׃
21 אוּנְד דֶער מַלְאַךְ פוּן יְהֹוָה הָאט
זִיךְ נִיט מֶעהְר בֶּעװִיזֶען צוּ מָנוֹחַ אוּנְד
צוּ זֵיין װַייבּ, דֶענְסְטְמָאל הָאט מָנוֹחַ
גֶעװְאוּסְט אַז עֶר אִיז דֶער מַלְאַךְ פוּן
יְהֹוָה׃
22 אוּנְד מָנוֹחַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיין
װַייבּ, מִיר װֶעלֶען גֶעװִיס שְׁטַארְבֶּען,
װָארִין מִיר הָאבֶּען גָאט גֶעזֶעהֶען׃
23 אָבֶער זֵיין װַייבּ הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, װֶען גָאט הֶעט גֶעװָאלְט אוּנְס
טֵייטֶען אַזוֹי הֶעט עֶר נִיט אָנְגֶענוּמֶען
פוּן אוּנְזֶערֶע הַאנְד אַ בְּרַאנְד־אָפְּפֶער
אוּנְד אַ שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער אוּנְד עֶר הֶעט
אוּנְס נִיט גֶעװִיזֶען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע
זַאכֶען, אוּנְד אִין דֶער (הֵיינְטִיגֶער)
צֵייט הָאט עֶר אוּנְס נִיט אַזָאלְכֶעס
גֶעמַאכְט הֶערֶען׃
24 אוּנְד דָאס װַייבּ הָאט גֶעװְאוּנֶען אַ
זִיהְן, אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען זֵיין
נָאמֶען שִׁמְשׁוֹן, אוּנְד דֶער יוּנְג אִיז
אוֹיפְגֶעװַאקְסֶען, אוּנְד גָאט הָאט אִיהְם
גֶעבֶּענְשְׁט׃
25 אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן גָאט הָאט
אִיהְם צוּ צֵייטֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בֶּע־
װֶעגֶען אִין דֶער מַחֲנֵה פוּן דָן, צְװִישֶׁען
צָרְעָה אוּנְד צְװִישֶׁען אֶשְׁתָּאוֹל׃

קאפיטעל יד

1 אוּנְד שִׁמְשׁוֹן אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
נָאךְ תִּמְנָת, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַ
פְרוֹי אִין תִּמְנָת, פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן
דִיא פְּלִשְׁתִּים׃
2 אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד
הָאט עֶס גֶעזָאגְט צוּ זֵיין פָאטֶער אוּנְד
צוּ זֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ פְרוֹי אִין
תִּמְנָת פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן דִיא
פְלִשְׁתִּים, אוּנְד אַצוּנְד גֶעמְט זִיא צוּ
מִיר פַאר אַ װַייבּ׃
3 אַזוֹי הָאבֶּען זֵיין פָאטֶער אוּנְד זֵיינֶע
מוּטֶער צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיז דֶען נִיט
פֶערְהַאנְדֶען אַ װַייבּ אוּנְטֶער דִיא
טֶעכְטֶער פוּן דֵיינֶע בְּרִידֶער, אָדֶער
אוּנְטֶער מֵיין גַאנְצֶעם פָאלְק אַז דוּא
זָאלְסְט גֵיין אוּנְד דִיר נֶעמֶען אַ װַייבּ

פוּן

פון דיא פְּלִשְׁתִּים וָואס זֶענֶען עֲרֵלִים ?
אָבֶּער שִׁמְשׁוֹן הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיין
פָּאטֶער, נֶעם מִיר דִיא דָאזִיגֶע, וָוארִין
זִיא גֶעפֶּעלְט מִיר וְואוֹיל :
4 אָבֶּער זֵיין פָּאטֶער אוּנְד זֵיינֶע
מוּטֶער הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט אַז דָאס
אִיז פוּן גָאט, ווייל עֶר הָאט גֶעזוּכְט
אַן אוּרְזַאךְ קֶעגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים, וָוארִין
אִין דֶער דָאזִיגֶער צֵייט הָאבֶּען דִיא
פְּלִשְׁתִּים גֶעוֶועלְטִיגְט אִיבֶּער דִיא
יִשְׂרָאֵל :
5 אוּנְד שִׁמְשׁוֹן אוּנְד זֵיין פָּאטֶער אוּנְד
מוּטֶער זֶענֶען אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען נָאךְ תִּמְנַת,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען בִּיז צוּ
דִיא ווֵיינְגֶערְטֶען פוּן תִּמְנַת, אוּנְד זֶעה,
אַ יוּנְגֶער לֵייב הָאט גֶעשְׁרִיגֶען וֶוען
עֶר הָאט אִיהְם בֶּעגֶעגֶענְט :
6 אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן יְהוָה אִיז
מֶעכְטִיגְלִיךְ אוֹיף אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד
עֶר הָאט אִיהְם צוּרִיסֶען וִויא מֶען צוּ־
רֵייסְט אַ צִיקֶעלֶע, אוּנְד עֶס אִיז קֵיין
שׁוּם זַאךְ נִיט גֶעוֶועזֶען אִין זֵיינֶע הַאנְד,
אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעזָאגְט צוּ זֵיין
פָּאטֶער אוּנְד צוּ זֵיינֶע מוּטֶער וָואס עֶר
הָאט גֶעטְהוּן :
7 אוּנְד עֶר אִיז אַרוּנְטֶער גֶעגַאנְגֶען
אוּנְד הָאט גֶערֶעט צוּ דֶעם ווייבּ, אוּנְד
זִיא אִיז וְואוֹילְגֶעפֶאלֶען אִין דִיא אוֹיגֶען
פוּן שִׁמְשׁוֹן :
8 אוּנְד נָאךְ אַ צֵייט הָאט עֶר זִיךְ
אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּם זִיא צוּ גֶענֶעמֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אָפְּגֶעקֶעהְרְט אוּם
צוּ זֶעהֶען דִיא מַפָּלָה פוּן דֶעם לֵייבּ,
אוּנְד זֶעה, דָא אִיז גֶעוֶועזֶען אַ פֶּערְ־
זַאמְלוּנְג פוּן בִּינֶען אוּנְד הָאנִיג אוֹיף
דֶעם גוּף פוּן דֶעם לֵייבּ :
9 אוּנְד עֶר הָאט דַאפוּן גֶענוּמֶען מִיט
זֵיינֶע הֶענְד, אוּנְד גֵייעֶנְדִיג הָאט עֶר
עֶס גֶעגֶעסֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען
צוּ זֵיין פָּאטֶער אוּנְד צוּ זֵיינֶע מוּטֶער
אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעגֶעסֶען, אָבֶּער
עֶר הָאט צוּ זֵייא נִיט גֶעזָאגְט אַז עֶר
הָאט אַרוּפְּגֶענָאמֶען דֶען הָאנִיג פוּן
דֶעם גוּף פוּן דֶעם לֵייבּ :
10 אַזוֹי אִיז זֵיין פָּאטֶער אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען
צוּ דֶעם ווייבּ, אוּנְד שִׁמְשׁוֹן הָאט
דָארְט גֶעמַאכְט אֵיין סְעוּדָה, וָוארִין
אַזוֹי פְּלֶעגֶען דִיא בַּחוּרִים טְהוּן :
11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם דֶערְזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא
גֶענוּמֶען דְרֵייסִיג גֶעזֶעלֶען אוּנְד זֵייא
זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען :
12 אוּנְד שִׁמְשׁוֹן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיךְ וֶועל אֵייךְ גֶעבֶּען אַ רֶעטְזֶעל,
אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט עֶס מִיר קֶענֶען
זָאגֶען אִין דִיא זִיבֶּען טֶעג פוּן דֶער
סְעוּדָה, אוּנְד אִיהְר וֶועט עֶס אוֹיסְגֶע־
פִינֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעבֶּען
דְרֵייסִיג לֵיילִיכֶער, אוּנְד דְרֵייסִיג וֶועקְסֶעל
קְלֵיידֶער :
13 אָבֶּער וֶוען אִיהְר וֶועט עֶס מִיר
נִיט קֶענֶען זָאגֶען, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר
מִיר גֶעבֶּען דְרֵייסִיג לֵיילִיכֶער אוּנְד
דְרֵייסִיג וֶועקְסֶעל קְלֵיידֶער ; אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זָאג דֵיין רֶעטְזֶעל אַז
מִיר זָאלֶען עֶס הֶערֶען :
14 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
פוּן דֶעם עֶסֶער אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
עֶסֶען, אוּנְד פוּן דֶעם שְׁטַארְקֶען אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען זִיסְקֵייט. אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט זָאגֶען דָאס רֶעטְזֶעל
אִין דְרֵייא טֶעג :
15 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם

זִיבֶּענְטֶען טָאג הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט צוּ
שִׁמְשׁוֹנְ'ס וַוייבּ, אִיבֶּערְרֶעד דֵיין מַאן
אַז עֶר זָאל אוּנְס אוֹיסְזָאגֶען דָאס
רֶעטְזֶעל, אַז מִיר זָאלֶען נִיט פֶּערְ־
בְּרֶענֶען דִיךְ אוּנְד דֵיין פָּאטֶערְ'ס הוֹיז
מִיט פַייעֶר; אִיז עֶס נִיט צוּ פֶּערְ־
אָרֶעמֶען הָאט אִיהְר אוּנְס דָא אַהֶער
גֶערוּפֶען?
16 אוּנְד שִׁמְשׁוֹנְ'ס וַוייבּ הָאט פַאר
אִיהְם גֶעוַויינְט, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט,
דוּא הָאסְט מִיךְ נוּר פֵיינְד, אוּנְד הָאסְט
מִיךְ נִיט לִיבּ, דוּא הָאסְט גֶעגֶעבֶּען אַ
רֶעטְזֶעל צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן מֵיין פָאלְק
אָבֶּער דוּא הָאסְט עֶס נִיט גֶעזָאגְט צוּ
מִיר. אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
זֶעה, אִיךְ הָאבּ עֶס נִיט אַמָאל גֶעזָאגְט
צוּ מֵיין פָאטֶער אוּנְד צוּ מֵיינֶע מוּטֶער,
אוּנְד זָאל אִיךְ עֶס צוּ דִיר זָאגֶען?
17 אוּנְד זִיא הָאט פַאר אִיהְם גֶעוַויינְט
דִיא זִיבֶּען טֶעג, וָואס זֶענֶען צוּ זֵייא
גֶעוֶועזֶען דִיא סְעוּדָה, אוּנְד עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם זִיבֶּענְטֶען טָאג הָאט
עֶר עֶס צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט ווייל זִיא
הָאט אִיהְם גֶעקְוֶועלְט, אוּנְד זִיא הָאט
עֶס גֶעזָאגְט צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן אִיהְר
פָאלְק:
18 אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן דֶער שְׁטָאט
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט אִין דֶעם
זִיבֶּענְטֶען טָאג, אֵיידֶער דִיא זוּן אִיז
אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען, וָואס אִיז זִיסֶער וִויא
הָאנִיג? אוּנְד וָואס אִיז שְׁטַארְקֶער וִויא
אַ לֵייבּ? אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעְ־
זָאגְט, וֶוען אִיהְר הֶעט נִיט גֶעאַקֶערְט
מִיט מֵיין קַאלְבּ אַזוֹי הֶעט אִיהְר נִיט
אוֹיסְגֶעפוּנֶען מֵיין רֶעטְזֶעל:
19 אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן יְהוָֹה אִיז
מֶעכְטִיגְלִיךְ אוֹיף אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד
עֶר אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען נָאךְ אַשְׁקְלוֹן
אוּנְד עֶר הָאט פוּן זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען
דְרֵייסִיג מַאן, אוּנְד עֶר הָאט פוּן זֵייא
אָוֶועקְגֶענוּמֶען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד
עֶר הָאט דִיא וֶועקְסֶעל־קְלֵיידֶער גֶעְ־
גֶעבֶּען צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהְם
גֶעזָאגְט דָאס רֶעטְזֶעל; אָבֶּער זֵיין
צָארְן הָאט זִיךְ דֶערְגְרִימְט, אוּנְד עֶר
אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ זֵיין פָאטֶערְ'ס
הוֹיז:
20 אוּנְד שִׁמְשׁוֹנְ'ס וַוייבּ אִיז (גֶעגֶעבֶּען)
גֶעוָוארֶען צוּ זֵיין גֶעזֶעלֶען וֶועמֶען עֶר
הָאט גֶעהַאלְטֶען אַלְס זֵיין פְרֵיינְד:

## קאפיטעל טו

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ אַ צַייט,
אִין דִיא צַייט וָואס מֶען שְׁנַייט דֶעם
ווייץ, אַזוֹי הָאט שִׁמְשׁוֹן בֶּעזוּכְט זֵיין
ווייבּ מִיט אַ צִיקֶעלֶע, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, אִיךְ וִויל אַרֵיינְגֵיין צוּ מֵיין
ווייבּ אִין אִיהְר שְׁטוּבּ. אָבֶּער אִיהְר
פָאטֶער הָאט אִיהְם נִיט גֶעלָאזְט אַרֵיינְ־
גֵיין:
2 אוּנְד אִיהְר פָאטֶער הָאט גֶעזָאגְט,
אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט אַז דוּא הָאסְט זִיא
גַאנְץ פֵיינְד גֶעהַאט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ
זִיא גֶעגֶעבֶּען צוּ דֵיין גֶעזֶעלֶען. אִיז
נִיט אִיהְרֶע יוּנְגֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער בֶּעסֶער
פוּן אִיהְר, לָאז זִיא דָאךְ זֵיין זֵיין
אַנְשְׁטָאט אִיהְר:
3 אוּנְד שִׁמְשׁוֹן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיךְ וֶועל דָאס דָאזִיגֶע מָאל רֵיין זֵיין
פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאטְשֶׁע אִיךְ וֶועל
מִיט זֵייא שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן:
4 אוּנְד שִׁמְשׁוֹן אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד
הָאט גֶעחַאפְּט דְרֵייא הוּנְדֶערְט פוּקְסֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען פַייעֶר בְּרַאנְדֶען
אוּנְד עֶר הָאט גֶעקֶעהְרְט אֵיין וויידֶעל

צוּ דֶעם אַנְדֶערְן אוּנְד עֶר הָאט אַרַיינְ־
גֶעטְהוּן אֵיין פֵייעֶר בְּרַאנְד אִין דֶער
מִיטֶען פוּן צְוֵויא וֵוידֶעלְן:
5 אוּנְד וָוען עֶר הָאט אָנְגֶעצוּנְדֶען אַ
פֵייעֶר אִין דִיא בְּרַאנְדֶען אַזוֹי הָאט עֶר
זֵייא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אִין דִיא שְׁטֵייעֶנְדִי־
גֶע תְּבוּאוֹת פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד
עֶר הָאט פֶערְבְּרֶענְט פוּן דִיא שַׁייעֶרְם
בִּיז צוּ דִיא שְׁטֵייעֶנְדִיגֶע תְּבוּאָה, אוּנְד
בִּיז צוּ דִיא ווייַנְגֶערְטֶען אוּנְד אֵייל־
בֶּערְטֶען:
6 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
וֶוער הָאט דָאס גֶעטְהוּן? אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, שִׁמְשׁוֹן, דֶער אֵיידֶעם
פוּן דֶעם תִּמְנִי, ווייל עֶר הָאט אַוֶועקְ־
גֶענוּמֶען זֵיין ווייבּ אוּנְד עֶר הָאט זִיא
גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיין גֶעזֶעלֶען; אַזוֹי זֶענֶען
דִיא פְּלִשְׁתִּים אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיא פֶערבְּרֶענְט אוּנְד אִיהְר
פָאטֶער מִיט פֵייעֶר;
7 אַזוֹי הָאט שִׁמְשׁוֹן צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
ווייל אִיהְר הָאט דָאס דָאזִיגֶע גֶעטְהוּן
אַזוֹי וויל אִיךְ מִיךְ אַן אֵייךְ נוֹקֵם זַיין,
אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶועל אִיךְ אוֹיפְהֶערֶען:
8 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען,
הֶענְד אוּנְד פִיס מִיט אַ גְרוֹיסֶען שְׁלַאק:
אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹפְּגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט
גֶעווֹאוֹינְט אִין דֶער שְׁפַּאלְטוּנְג פוּן דֶעם
פֶעלְז עֵיטָם:
9 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אַרוֹיפְּ־
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט
קֶעגֶען יְהוּדָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
פֶערְשְׁפְּרֵייט אִין לֶחִי:
10 אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן יְהוּדָה
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, פַאר וָואס זֶענְט אִיהְר
קֶעגֶען אוּנְס אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען? אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט אוּם צוּ בִּינְדֶען שִׁמְשׁוֹן
זֶענֶען מִיר אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אַז מִיר
זָאלֶען צוּ אִיהְם טְהוּן אַזוֹי וִויא עֶר
הָאט גֶעטְהוּן צוּ אוּנְס:
11 אוּנְד דְרֵייא טוֹיזֶענְד מַאן פוּן
יְהוּדָה זֶענֶען אַרוֹפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער
שְׁפַּאלְטוּנְג פוּן דֶעם פֶעלְז עֵיטָם, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ שִׁמְשׁוֹן; וֵוייסְט
דוּא נִיט אַז דִיא פְּלִשְׁתִּים גֶעוֶועלְטִיגֶען
אִיבֶּער אוּנְס, אוּנְד פַאר וָואס הָאסְט
דוּא דָאס דָאזִיגֶע גֶעטְהוּן צוּ אוּנְס?
אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אַזוֹי
וִויא זֵייא הָאבֶּען צוּ מִיר גֶעטְהוּן אַזוֹי
הָאבּ אִיךְ צוּ זֵייא גֶעטְהוּן:
12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אוּם דִיךְ צוּ בִּינְדֶען אוּנְד דִיךְ צוּ
אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען מִיר אַרוֹפְּגֶעקוּמֶען;
אוּנְד שִׁמְשׁוֹן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
שְׁווֶערְט צוּ מִיר אַז אִיהְר וֶועט נִיט
אַלֵיין אִיבֶּער מִיר פַאלֶען:
13 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
נֵיין, נֵייעֶרְט מִיר וֶועלֶען דִיךְ בִּינְדֶען
אוּנְד דִיךְ אִין זֵייעֶרֶע הֶענְד אִיבֶּערְ־
גֶעבֶּען, אָבֶּער מִיר וֶועלֶען דִיךְ גֶעווִיס
נִיט טֵייטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעבִּינְדֶען מִיט צְוֵויא נֵייעֶ שְׁטְרִיק,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט
פוּן דֶעם פֶעלְזֶען:
14 אוּנְד וָוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ
לֶחִי אַזוֹי הָאבֶּען דִיא פְּלִשְׁתִּים קֶעגֶען
אִיהְם גֶעשְׁרִיגֶען; אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן
יְהוָֹה אִיז אוֹיף אִיהְם מֶעכְטִיגְלִיךְ גֶע־
קוּמֶען, אוּנְד דִיא שְׁטְרִיק וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אוֹיף זֵיינֶע אָרֶעם זֶענֶען גֶע־
וָוארְען וִויא פְלַאקְס וָואס הָאט גֶעבְּרֶענְט
מִיט פֵייעֶר אוּנְד דִיא בִּינְד שְׁטְרִיק
זֶענֶען צוּגַאנְגֶען פוּן זֵיינֶע הֶענְד:

15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעפוּנֶען אַ קִינְבַּאק
פוּן אַן אֵייזֶעל, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְ־
גֶעשְׁטְרֶעקְט זַיינֶע הַאנְד אוּנְד הָאט עֶס
גֶענוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט דַאמִיט דֶערְ־
שְׁלָאגֶען טוֹיזֶענְד מַאן׃
16 אוּנְד שִׁמְשׁוֹן הָאט גֶעזָאגְט׃—מִיט
דֶעם קִינְבַּאק פוּן אַן אֵייזֶעל הָאבּ אִיךְ
גֶעמַאכְט הוֹיפֶען אִיבֶּער הוֹיפֶען, מִיט
דֶעם קִינְבַּאק פוּן אַן אֵייזֶעל הָאבּ אִיךְ
גֶעשְׁלָאגֶען טוֹיזֶענְד מַאן׃
17 אוּנְד וִויא עֶר הָאט פָאלֶענְט צוּ
רֶעדֶען אַזוֹי הָאט עֶר דֶעם קִינְבַּאק
אַוֶעקְגֶעוָוארְפֶען פוּן זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד
עֶר הָאט גֶערוּפֶען דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען אָרְט
רָמַת לֶחִי׃
18 אוּנְד עֶר אִיז זֵייעֶר דָארְשְׁטִיג גֶע־
וָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען צוּ
גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא
הָאסְט גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן
דַיין קְנֶעכְט דִיא דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע הִילְף,
אוּנְד אַצוּנְד זָאל אִיךְ שְׁטַארְבֶּען דוּרְךְ
דָארְשְׁט, אוּנְד אַרֵיינְפַאלֶען אִין דִיא
הֶענְד פוּן דִיא עֲרֵלִים?
19 אָבֶּער גָאט הָאט גֶעשְׁפָּאלְטֶען דֶעם
שְׁטוּיסֶעל וָואס אִיז אִין דֶעם קִינְבַּאק
אוּנְד עֶס אִיז דֶער פוּן אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
וַאסֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנְד
זַיין גֵייסְט אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ דֶערְקְוִויקְט, דַארוּם הָאט עֶר
גֶערוּפֶען אִיהְר נָאמֶען עֵין הַקּוֹרֵא, וָואס
אִיז אִין לֶחִי בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃
20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמִשְׁפָּט יִשְׂרָאֵל
אִין דִיא טֶעג פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים צְוַואנְצִיג
יָאהְר׃

## קאפיטעל טז

1 אוּנְד שִׁמְשׁוֹן אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ
עַזָּה, אוּנְד עֶר הָאט דָארְט גֶעזֶעהֶען אַ
הוּרֶען־וַוייבּ אוּנְד עֶר אִיז צוּ אִיהְר
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען׃
2 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען
צוּ דִיא לֵייט פוּן עַזָּה אַז שִׁמְשׁוֹן אִיז
דָא אַהֶער גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, אוּנְד הָאבֶּען
אוֹיף אִיהְם גֶעלוֹיעֶרְט דִיא גַאנְצֶע נַאכְט
אַן דֶעם טְהאר פוּן דִיא שְׁטָאט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ שְׁטִיל פֶערְהַאלְטֶען
דִיא גַאנְצֶע נַאכְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, אַן
דֶעם מָארְגֶען וֶוען עֶס וֶועט זַיין לִיכְט
אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אִיהְם הַרְגֶענֶען׃
3 אוּנְד שִׁמְשׁוֹן אִיז גֶעלֶעגֶען בִּיז דִיא
הַאלְבֶּע נַאכְט, אוּנְד אִין דֶער הַאלְבֶּער
נַאכְט אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר
הָאט אָנְגֶענוּמֶען דִיא טְהִירֶען פוּן דֶעם
שְׁטָאט טְהָאר, אוּנְד דִיא צְוֵוייא בֵּיי־
שְׁטִידֶעלְן (מְזוּזוֹת), אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
אַוֶועקְגֶעריסֶען מִיט דִיא רִיגֶעלְן, אוּנְד
עֶר הָאט זֵייא גֶעלֵייגְט אוֹיף זַיינֶע
אַקְסֶעל אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַרוֹיפְגֶע־
בְּרַאכְט צוּ דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בַּארְג,
וָואס אִיז פַאר חֶבְרוֹן׃
4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דֶערְנָאךְ
אַזוֹי הָאט שִׁמְשׁוֹן גֶעלִיבְּט אַ פְרוֹי בֵּייא
דֶעם טֵייךְ שׂוֹרֵק, אוּנְד אִיהְר נָאמֶען
אִיז גֶעוֶועזֶען דְלִילָה׃
5 אוּנְד דִיא פִּירְשְׁטֶען פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען צוּ אִיהְר אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
אִיבֶּערְרֶעד אִיהְם אוּנְד זֶעה אִין וָואס
אִיז זַיין גְרוֹיסֶער כֹּחַ, אוּנְד מִיט וָואס
מִיר וֶועלֶען אִיהְם קֶענֶען בֵּייקוּמֶען, אַז
מִיר זָאלֶען אִיהְם קֶענֶען בִּינְדֶען אוּנְד
אִיהְם פֵּיינִיגֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶער פוּן
אוּנְס וֶועט דִיר גֶעבֶּען עֶלְף הוּנְדֶערְט
זִילְבֶּערְנֶע (שְׁקָלִים)׃

6 אוּנְד דְלִילָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ שִׁמְשׁוֹן, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, זָאג מִיר אִין וָואס בֶּעשְׁטֵייט דֵיין גְרוֹיסֶער כֹּחַ? אוּנְד מִיט וָואס קֶען מֶען דִיךְ בִּינְדֶען אַז מֶען זָאל דִיךְ קֶענֶען פֵּיינִיגֶען?

7 אוּנְד שִׁמְשׁוֹן הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, אַז מֶען וֶועט מִיךְ בִּינְדֶען מִיט זִיבֶּען דִינְגֶע פֵּייכְטֶע שְׁטְרִיק וָואס זֶענֶען קֵיינְ־מָאל נִיט גֶעטְרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ זַיין שְׁוַואךְ אַזוֹי וְוִיא אַן אַנְדְרֶער מֶענְשׁ׃

8 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים צוּ אִיהְר אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט זִיבֶּען דִינְגֶע פֵּייכְטֶע שְׁטְרִיק וָואס זֶענֶען נָאךְ נִיט אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם מִיט זֵייא גֶע־בּוּנְדֶען׃

9 אוּנְד דִיא לוֹיעֶרֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֵּייא אִיהר אִין דֶער שְׁטוּבּ, אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אִיבֶּער דִיר, שִׁמְשׁוֹן! אוּנְד עֶר הָאט צוּרִיסֶען דִיא שְׁטְרִיק אַזוֹי וְוִיא מֶען צוּרֵייסְט אַ פָאדֶעם פוּן פְלַאקְס, וָואס הָאט שׁוֹין גֶעשְׁמֶעקְט פֵייעֶר; אוּנְד זַיינֶע קְרַאפְט אִיז נִיט בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען׃

10 אַזוֹי הָאט דְלִילָה גֶעזָאגְט צוּ שִׁמְשׁוֹן, וֶועה, דוּא הָאסְט מִיךְ אוֹיסְ־גֶעשְׁפֶּעט, אוּנְד דוּא הָאסְט מִיר לִיגֶען גֶעזָאגְט, אָבֶּער אַצוּנְד זָאג מִיר, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, מִיט וָואס דוּא קֶענְסְט גֶע־בּוּנְדֶען וֶוערֶען׃

11 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, וֶוען מֶען וֶועט מִיךְ בִּינְדֶען מִיט גְרָאבֶּע נֵייעֶ שְׁטְרִיק, מִיט וֶועלְכֶע מֶען הָאט נָאךְ נִיט גֶעאַרְבֵּייט, אַזוֹי וֶועל אִיךְ זַיין שְׁוַואךְ אַזוֹי וְוִיא אַן אַנְדֶערֶער מֶענְשׁ׃

12 אוּנְד דְלִילָה הָאט גֶענוּמֶען גְרָאבֶּע נֵייעֶ שְׁטְרִיק אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם מִיט זֵייא גֶעבּוּנְדֶען, אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אִיבֶּער דִיר, שִׁמְשׁוֹן! אוּנְד דִיא לוֹיעֶרֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֵּייא אִיהְר אִין דֶער שְׁטוּבּ, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא צוּרִיסֶען פוּן אָפּ זַיינֶע אָרֶעמס אַזוֹי וְוִיא אַ פָאדֶעם׃

13 אוּנְד דְלִילָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ שִׁמְשׁוֹן, בִּיז אַהֶער הָאסְט דוּא מִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט, אוּנְד הָאסְט צוּ מִיר גֶערֶעט לִיגֶען; זָאג מִיר דָאךְ מִיט וָואס דוּא קֶענְסְט גֶעבּוּנְדֶען וֶוערֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא וֶועסְט אֵיינְוֶועבֶּען דִיא זִיבֶּען לָאקֶען פוּן מַיין קָאפּ מִיט דֶעם וֶועבֶּעכְץ׃

14 אוּנְד זִיא הָאט עֶס פֶּעסְט גֶעמַאכְט מִיט אַ נָאגֶעל, אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אִיבֶּער דִיר, שִׁמְשׁוֹן! אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ דֶערְוֶועקְט פוּן זַיין שְׁלָאף, אוּנְד עֶר הָאט אַוֶועקְגֶעריסֶען דֶעם נָאגֶעל פוּן דֶעם גֶעוֶועבּ אוּנְד דָאס וֶועבֶּער הָאלְץ׃

15 אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וְוִיא אַזוֹי קֶענְסְט דוּא זָאגֶען, אִיךְ לִיבּ דִיךְ וֶוען דֵיין הַארְץ אִיז נִיט מִיט מִיר, וָוארִין שׁוֹין דִיא דָאזִיגֶע דְרֵייא מָאל הָאסְט דוּא מִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט, אוּנְד דוּא הָאסְט מִיר נִיט גֶעזָאגְט אִין וָואס דֵיין כֹּחַ אִיז אַזוֹי גְרוֹיס׃

16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וֶוען זִיא הָאט אִיהְם גֶעקְוֶועלְט מִיט אִיהְרֶע רֵייד אַלֶע טֶעג, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם גֶעפְּלָאגְט, אַזוֹי אִיז עֶר אוּנְגֶעדוּלְדִיג גֶעוָוארֶען בִּיז צוּ דֶעם שְׁטַארְבֶּען׃

17 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט זַיין גַאנְצֶעס הַארְץ, אוּנְד עֶר הָאט צוּ

איהר געזאגט, עס איז קיין גאל-מעסער
נאך ניט אויף מיין קאפּ ארויפגעגאנגען,
ווייל איך בין אן אפּגעשייטער (נזיר)
צו גאט פון מיין מוטערס לייב אן,
ווען איך זאל ווערען אפּגעשארען אזוי
וועט מיין כח פון מיר אפּגעטהון
ווערען, אונד איך וועל זיין שוואך
אונד וועל זיין וויא אלע (אנדערע)
מענשען:
18 אונד ווען דלילה האט געזעהען
אז ער האט איהר געזאגט אלעס וואס
איז אין זיין הארץ, אזוי האט זיא
אהינגעשיקט אונד גערופען דיא
פירשטען פון דיא פלשתים, אזוי צו
זאגען, קומט ארויף צו מיר נאך דאס
מאל, ווארין ער האט צו מיר געזאגט
זיין גאנצעס הארץ; אזוי זענען דיא
פירשטען פון דיא פלשתים צו איהר
ארויפגעגאנגען, אונד זייא האבען א־
רויפגעבראכט געלד אין זייערע הענד:
19 אונד זיא האט איהם געמאכט
איינשלאפען אויף איהרע קניען, אונד
זיא האט גערופען א מאן, אונד זיא
האט געלאזט אפּשערען דיא זיבען
לאקען פון זיין קאפּ, אונד זיא האט
אנגעהויבען איהם צו פייניגען, אונד
זיין כח האט זיך פון איהם אפּגעטהון:
20 אונד זיא האט געזאגט, דיא
פלשתים זענען איבער דיר, שמשון!
אונד ער האט זיך דערוועקט פון זיין
שלאף, אונד ער האט געזאגט, איך
וועל ארויסגיין אזוי וויא אלע מאל
אונד וועל מיך אפּשאקעלן, אבער ער
האט ניט געוואוסט אז יהוה האט זיך
פון איהם אפּגעטהון:
21 אונד דיא פלשתים האבען איהם
אנגענומען, אונד זייא האבען איהם
אויסגעשטאכען זיינע אויגען, אונד
זייא האבען איהם ארויפגעבראכט נאך
עזה, אונד זייא האבען איהם געבונדען
מיט קופּערנע קייטען, אונד ער האט
געמאהלען אין דעם תפיסה הויז:
22 אבער דאס האר פון זיין קאפּ
האט אנגעהויבען צו וואקסען נאכדעם
ער וואר אפּגעגאלט:
23 אונד דיא פירשטען פון דיא
פלשתים האבען זיך איינגעזאמעלט צו
שעכטען א גרויסע שעכטונג צו דגון
זייער אפּגאט, אונד זיך צו פרייען,
ווארין זייא האבען געזאגט, אונזער
גאט האט אין אונזערע הענד געגעבען
דען שמשון אונזערן פיינד:
24 אונד ווען דאס פאלק האט איהם
דערזעהען אזוי האבען זייא געלויבט
זייער אפּגאט, ווארין זייא האבען גע־
זאגט, אונזער גאט האט אין אונזערע
האנד געגעבען אונזערן פיינד, דער
וואס האט אונזער לאנד חרוב געמאכט,
אונד וואס האט פיל פון אונס דער־
שלאגען:
25 אונד עס איז געוועזען ווען זייער
הארץ איז געוועזען פריילך דאס זייא
האבען געזאגט אז מען זאל שמשון
רופען אז ער זאל פאר אונס שפּילען,
אזוי האבען זייא גערופען שמשון פון
דעם תפיסה הויז אונד ער האט פאר
זייא געשפּילט, אונד זייא האבען איהם
געשטעלט צווישען דיא זיילען:
26 אונד שמשון האט געזאגט צו דעם
יונג וואס האט איהם געהאלטען ביי
זיינער האנד, לאז מיך אז איך זאל
אנטאפּען דיא זיילען אויף וואס דאס
הויז איז אנגעבויט, אונד איך וועל
מיך אויף זייא אנלעהנען:

27 אוּנְד דָאס הויז אִיז גֶעוֶועזֶען פוּל
מִיט מֶענֶער אוּנְד וַוייבֶּער, אוּנְד דָארְטֶען
(זֶענֶען אויךְ גֶעוֶועזֶען) אַלֶע פִירְשְׁטֶען
פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד אויף דֶעם
דאךְ זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַן אֶרֶךְ פוּן דְרַייא
טויזֶענְד מֶענֶער אוּנְד וַוייבֶּער וָואס
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וִויא שִׁמְשׁוֹן הָאט
גֶעשְׁפִּילְט׃
28 אוּנְד שִׁמְשׁוֹן הָאט גֶערוּפֶען צוּ
גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אוי הַאר
גָאט גֶעדֶענְק דָאךְ אַן מִיר, אוּנְד
שְׁטַארְק מִיךְ דָאךְ דָאס דָאזִיגֶע מָאל,
אוי גָאט, אַז אִיךְ זָאל מִיךְ נָאךְ אַ מָאל
נוֹקֵם זַיין אַן דִיא פְּלִשְׁתִּים וֶועגֶען מֵיינֶע
צְוַוייא אויגֶען׃
29 אוּנְד שִׁמְשׁוֹן הָאט אָנְגֶענוּמֶען דִיא
צְוַוייא מִיטֶעלְסְטֶע זַיילֶען אויף וָואס
דָאס הויז אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעבְּרֵייט,
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אויף זֵייא אָנְגֶעלֶעהְנְט
אֵיינֶע (הָאט עֶר גֶענוּמֶען) מִיט זֵיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד אֵיינֶע מִיט זֵיינֶע
לִינְקֶע הַאנְד׃
30 אוּנְד שִׁמְשׁוֹן הָאט גֶעזָאגְט, לָאז
מִיךְ שְׁטַארְבֶּען מִיט דִיא פְּלִשְׁתִּים אוּנְד
עֶר הָאט זִיךְ גֶענֵייגְט מִיט כֹּחַ, אַזוֹי
אִיז דָאס הויז אֵיינְגֶעפַאלֶען אויף דִיא
פִירְשְׁטֶען אוּנְד אויף דֶעם גַאנְצֶען
פָאלְק וָואס זֶענֶען דְרִינֶען גֶעוֶועזֶען;
אוּנְד דִיא טוֹיטֶע וָואס עֶר הָאט גֶעטֵייט
מִיט זַיין טוֹיט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיל
מֶעהְר וִויא דִיא וָואס עֶר הָאט גֶעטֵייט
אִין זַיין לֶעבֶּען׃
31 אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע הויזְגֶעזִינְד פוּן זַיין פָאטֶער זֶענֶען
אַרוּנְטֶערְגֶעקוּמֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם אַרוֹיפְגֶעטְרָאגֶען, אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען צְוִוישֶׁען צָרְעָה אוּנְד
צְווִישֶׁען אֶשְׁתָּאוֹל, אִין דֶעם קֶבֶר פוּן
מָנוֹחַ זַיין פָאטֶער; אוּנְד עֶר הָאט
יִשְׂרָאֵל גֶעמִשְׁפָּט צְוַואנְצִיג יָאהְר׃

## קאפיטעל יז

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן פוּן
דֶעם בַּארְג אֶפְרָיִם אוּנְד עֶר הָאט
גֶעהֵייסֶען מִיכָיְהוּ׃
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע
מוּטֶער, דִיא עֶלְף הוּנְדֶערְט שֶׁקֶל זִילְבֶּער
וָואס זֶענֶען פוּן דִיר אַוֶועקְגֶענוּמֶען
גֶעוָוארֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט דַארִיבֶּער
גֶעשָׁאלְטֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט עֶס אויךְ
גֶעזָאגְט אִין מֵיינֶע אויעֶרֶען, זֶעה, דָאס
גֶעלְט אִיז בֵּייא מִיר, אִיךְ הָאבּ עֶס
גֶענוּמֶען; אַזוֹי הָאט זֵיינֶע מוּטֶער גֶע-
זָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט בִּיזְט דוּא מֵיין זוּהְן
פוּן גָאט׃
3 אוּנְד עֶר הָאט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט דִיא
עֶלְף הוּנְדֶערְט (שֶׁקֶל) זִילְבֶּער צוּ זֵיינֶע
מוּטֶער; אוּנְד זֵיינֶע מוּטֶער הָאט גֶע-
זָאגְט, אִיךְ הָאבּ אִים גַאנְצֶען גֶעהֵיילִיגְט
דָאס גֶעלְט פַאר גָאט פוּן מֵיינֶע הַאנְד
פַאר מֵיין זוּהְן, אַז עֶר זָאל דֶערְפוּן
מַאכֶען אַ גֶעגָאסֶענֶעס בִּילְד, אוּנְד
אַצוּנְד וֶועל אִיךְ עֶס צוּ דִיר צוּרִיקְ-
גֶעבֶּען׃
4 אַזוֹי הָאט עֶר צוּרִיקְגֶעגֶעבֶּען דָאס
גֶעלְט צוּ זֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד זֵיינֶע
מוּטֶער הָאט גֶענוּמֶען צְוַוייא הוּנְדֶערְט
שֶׁקֶל זִילְבֶּער אוּנְד זִיא הָאט עֶס גֶע-
גֶעבֶּען צוּ אַ גָאלְדְשְׁמִיד, אוּנְד עֶר
הָאט דַארוֹיס גֶעמַאכְט אַ גֶעגָאסֶענֶעס
גֶעצֶענְבִּילְד, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין
דֶעם הויז פוּן מִיכָיְהוּ׃
5 אוּנְד דֶער מַאן מִיכָה הָאט גֶעהַאט
אַ הויז פוּן אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעמַאכְט אַן אֵפוֹד אוּנְד בִּילְדֶער, אוּנְד

עֶר הָאט מְחַנֵךְ גֶעוֶועזֶען אֵיינֶעם פוּן
זַיינֶע זִיהְן אוּנְד עֶר אִיז גֶעוָוארֶען אַלְס
זַיין כֹּהֵן:

6 אִין דִיזֶעלְבִּיגֶע טֶעג אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין מֶלֶךְ אִין יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיטְלִיכֶער מַאן הָאט גֶעטְהוּן וָואס אִיז וְואוילְגֶעפָאלֶען אִין זַיינֶע אויגֶען:

7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ יוּנְג אויס בֵּית לֶחֶם יְהוּדָה, פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה יְהוּדָה, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ לֵוִי, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ דָארְטֶען אויפְגֶעהַאלְטֶען:

8 אוּנְד דֶער (יוּנְגֶער) מַאן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער שְׁטָאט בֵּית לֶחֶם יְהוּדָה אוּם זִיךְ אויפְצוּהַאלְטֶען אַוְואוּ עֶר וֶועט גֶעפִינֶען (פַּרְנָסָה); אוּנְד עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אויף דֶעם בַּארְג אֶפְרַיִם בִּיז צוּ דֶעם הויז פוּן מִיכָה, אוּם זַיינֶען וֶועג ווייטֶער צוּ מַאכֶען:

9 אוּנְד מִיכָה הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פוּן וַואנֶען קוּמְסְט דוּא? אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין אַ לֵוִי אויס בֵּית לֶחֶם יְהוּדָה, אוּנְד אִיךְ גֵייא אוּם מִיךְ אויפְצוּהַאלְטֶען אַוְואוּ אִיךְ וֶועל קֶענֶען גֶעפִינֶען (פַּרְנָסָה):

10 אַזוֹי הָאט מִיכָה צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בְּלֵייבּ דָאךְ בֵּייא מִיר, אוּנְד זַייא צוּ מִיר אַלְס אַ פָאטֶער, אוּנְד אַלְס אַ כֹּהֵן; אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען צֶעהְן שֶׁקֶל זִילְבֶּער אַ יָאהְר, אוּנְד אַן אָנְגֶעטְהוּעכְץ פוּן קְלֵיידֶער, אוּנְד דֵיין עֶסֶען, אַזוֹי אִיז דֶער לֵוִי אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען:

11 אוּנְד דֶער לֵוִי הָאט בֶּעוִוילִיגְט מִיט דֶעם מַאן צוּ בְּלֵייבֶּען, אוּנְד דֶער יוּנְגֶער מַאן אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אִיהְם וִויא אֵיינֶער פוּן זַיינֶע זִיהְן:

12 אוּנְד מִיכָה הָאט דֶעם לֵוִי מְחַנֵךְ גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דֶער יוּנְגֶער מַאן אִיז צוּ אִיהְם גֶעוֶועזֶען אַלְס אַ כֹּהֵן, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם הויז פוּן מִיכָה:

13 אוּנְד מִיכָה הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַצוּנְד ווייס אִיךְ אַז גָאט וֶועט מִיר גוּטֶעס טְהוּן, וָוארִין אִיךְ הָאבּ אַ לֵוִי אַלְס אַ כֹּהֵן:

## קאפיטעל יח

1 אִין דִיא דָאזִיגֶע טֶעג אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין מֶלֶךְ אִין יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִין דִיא דָאזִיגֶע טֶעג הָאט זִיךְ דֶער שֵׁבֶט דָן אויסְגֶעזוּכְט אַ נַחֲלָה דַארִין צוּ וְואוינֶען, וָוארִין בִּיז צוּ דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אִיז אִיהְם נִיט צוּגֶעפַאלֶען אַ נַחֲלָה צְוִוישֶׁען דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל:

2 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן דָן הָאבֶּען אַהִינְגֶעשִׁיקְט פוּן זַיירֶע מִשְׁפָּחָה פִינְף מֶענֶער פוּן זַייעֶר עֶקְלַאנְד, זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְקֶע הֶעלְדֶען פוּן צָרְעָה אוּנְד פוּן אֶשְׁתָּאוּל אויסְצוּפָארְשֶׁען דָאס לַאנְד, אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ זַייא גֶעזָאגְט, גֵייט אוּנְד פָארְשְׁט אויס דָאס לַאנְד, אוּנְד זַייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען אויף דֶעם בַּארְג אֶפְרַיִם בִּיז צוּ דֶעם הויז פוּן מִיכָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָארְט אִיבֶּערְגֶענֶעכְטִיגְט:

3 וֶוען זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֵּייא דֶעם הויז פוּן מִיכָה אַזוֹי הָאבֶּען זַייא דֶערְקֶענְט דָאס קוֹל פוּן דֶעם יוּנְג, דֶעם לֵוִי, אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָארְט אַהִין אָפְּגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט דִיךְ דָא אַהֶערְגֶעבְּרַאכְט? אוּנְד וָואס טְהוּסְט דוּא אִין דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט? אוּנְד וָואס הָאסְט דוּא דָא?

4 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,

אזוי

אַזוי אוּנְד אַזוי הָאט מִיכָה צוּ מִיר גֶעטְהוּן, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעדוּנְגֶען אַז אִיךְ זָאל צוּ אִיהְם זַיין אַלְס אַ כֹּהֵן :

5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פְּרֶעג דָאךְ אָן בֵּייא גָאט, אַז מִיר זָאלֶען ווִיסֶען אוֹיבּ אוּנְזֶער וֶועג אוֹיף וָועלְכֶען מִיר גֵייעֶן וֶועט בֶּעגְלִיקֶען :

6 אוּנְד דֶער כֹּהֵן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֵייט בְּשָׁלוֹם, אֵייעֶר וֶועג אוֹיף וָועלְכֶען אִיהְר גֵייט אִיז בֶּעקַאנְט פַאר גָאט :

7 אוּנְד דִיא פִינְף מֶענְער זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען נָאךְ לַיִשׁ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס פָאלְק וָואס וְואוֹינְט צְווִישֶׁען אִיהְר אִין זִיכֶערְהֵייט, נָאךְ דֶעם סֵדֶר ווִיא דִיא צִידוֹנִים, שְׁטִיל אוּנְד זִיכֶער, אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיינֶע פֶערְשֶׁעמוּנְג פוּן קֵיין שׁוּם זַאךְ אִין דֶעם לַאנְד, דִיא יוֹרְשִׁים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען ווֵיינִיג, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען ווֵייט פוּן דִיא צִידוֹנִים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען קֵיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען גֶעמַאכְט מִיט אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען :

8 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען צוּ זֵיירֶע בְּרִידֶער נָאךְ צָרְעָה אוּנְד אֶשְׁתָּאוֹל, אוּנְד זֵיירֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס (זָאגְט) אִיהְר ?

9 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, שְׁטֵייט אוֹיף אוּנְד לָאמֶער קֶענֶען זֵייא אַרוֹיפְגֵיין, ווָארִין מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס לַאנְד, אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז זֵייעֶר גוּט, אָבֶּער אִיהְר זַייט שְׁטִיל, אוּנְד זַייט נִיט פוֹיל אַהִין צוּ גֵיין אוּנְד אַרַיינְצוּקוּמֶען דָאס לַאנְד צוּ יַרְשְׁנְ'ן :

10 וֶוען אִיהְר וֶועט אַהִינְקוּמֶען אַזוי וֶועט אִיהְר קוּמֶען צוּ אַ פֶערְזִיכֶערְט פָאלְק, אוּנְד דָאס לַאנְד אִיז אוֹיף בֵּיידֶע זֵייטֶען בְּרֵייט, ווָארִין גָאט הָאט עֶס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין אֵיירֶע הֶענְד ; עֶס אִיז אֵיין אָרְט אַזוֶואוּ עֶס פֶעהְלְט דָארְט גָאר קֵיין שׁוּם זַאךְ וָואס אִיז אִין דֶעם לַאנְד :

11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה דָן, פוּן צָרְעָה אוּנְד פוּן אֶשְׁתָּאוֹל, זֶעקְס הוּנְדֶערְט מַאן אָנְגֶעגַארְט מִיט מִלְחָמָה זַאכֶען :

12 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אִין קִרְיַת יְעָרִים, אִין יְהוּדָה, אִיבֶּערְדֶעם הָאט מֶען גֶערוּפֶען צוּ דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען אָרְט מַחֲנֶה־דָן בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג, זֶעה דָאס אִיז הִינְטֶער קִרְיַת יְעָרִים :

13 אוּנְד פוּן דָארְטֶען זֶענֶען זֵייא אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם בַּארְג אֶפְרַיִם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֶעם הוֹיז פוּן מִיכָה :

14 אוּנְד דִיא פִינְף מֶענְער וָואס זֶענֶען אַהִינְגֶעגַאנְגֶען דָאס לַאנְד לַיִשׁ אוֹיסְצוּפָארְשֶׁען הָאבֶּען גֶעאַנְטְוָוארְטֶעט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ זֵיירֶע בְּרִידֶער, ווֵייסְט אִיהְר אַז עֶס אִיז דָא אִין דִיא דָאזִיגֶע הֵייזֶער אַן אֵפוֹד אוּנְד תְּרָפִים אוּנְד אַ גֶעגָאסֶענֶעם גֶעצֶען בִּילְד, אוּנְד אַצוּנְד בֶּעדֶענְקְט אֵייךְ וָואס אִיהְר זָאלְט טְהוּן :

15 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָארְטֶען אָפְּגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם יוּנְגֶען מַאן, דֶעם לֵוִי, אִין דֶעם הוֹיז פוּן מִיכָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעגֶעבֶּען שָׁלוֹם :

16 אוּנְד דִיא זֶעקְס הוּנְדֶערְט מַאן וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעגַארְטֶעט

מִיט זֵייעֶרע מִלְחָמָה זַאכֶען זֶענֶען גֶע־
שְׁטַאנֶען בֵּייא דֶער טְהִיר פוּן דֶעם
טָאהר וָואס הָאט גֶעהֶערְט צוּ דִיא
בְּנֵי דָן׃
17 אוּנְד דִיא פִינְף מֶענֶער וָואס זֶענֶען
גֶעגַאנְגֶען דָאס לַאנְד אוֹיסְצוּפָארְשֶׁען
זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד דָארְט
אַהִינְגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען צוּגֶענוּמֶען
דָאס גֶעצֶען בִּילְד אוּנְד דֶעם אֵפוֹד,
אוּנְד דִיא תְּרָפִים אוּנְד דָאס גֶעגָאסֶענֶע
בִּילְד, אוּנְד דֶער כֹּהֵן אִיז גֶעשְׁטַאנֶען
בֵּייא דֶער טְהִיר פוּן דֶעם טָאהר אוּנְד
דִיא זֶעקְס הוּנְדֶערְט מַאן אָנְגֶעגַארְטֶעט
מִיט דִיא מִלְחָמָה זַאכֶען׃
18 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען אַרֵיינְ־
גֶעקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן מִיכָה אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען צוּגֶענוּמֶען דָאס גֶעצֶענְ־
בִּילְד אוּנְד דֶעם אֵפוֹד אוּנְד דִיא תְּרָפִים
אוּנְד דָאס גֶעגָאסֶענֶע בִּילְד, אוּנְד דֶער
כֹּהֵן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס טְהוּט
אִיהְר?
19 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט
שְׁווייג שְׁטִיל, לֵייג דֵיינֶע הַאנְד אוֹיף
דֵיין מוֹיל, אוּנְד גֵייא מִיט אוּנְס, אוּנְד
זֵייא צוּ אוּנְס צוּ אַ פָאטֶער אוּנְד צוּ
אַ כֹּהֵן, אִיז עֶס בֶּעסֶער אַז דוּא זָאלְסְט
זֵיין אַ כֹּהֵן אִין דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
אֵיין מַאן, אָדֶער צוּ זֵיין אַ כֹּהֵן צוּ אַ
שֵׁבֶט אוּנְד צוּ אַ (גַאנְצֶע) מִשְׁפָּחָה אִין
יִשְׂרָאֵל׃
20 אוּנְד עֶס הָאט דֶעם כֹּהֵן גֶעפָאלֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דֶעם אֵפוֹד
אוּנְד דִיא תְּרָפִים אוּנְד דָאס גֶעצֶענְ־
בִּילְד אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צְווִישֶׁען
דֶעם פָאלְק׃
21 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶע־
קֶעהְרְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דִיא יוּנְגֶע
קִינְדֶער אוּנְד דִיא בְּהֵמוֹת אוּנְד דָאס
גֶעפֶּעק פַאר זִיךְ גֶעטְהוּן׃
22 וֶוען זֵייא זֶענֶען שׁוֹין גֶעוֶועזֶען
ווייט אַוֶועק פוּן דֶעם הוֹיז פוּן מִיכָה,
אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא מֶענֶער וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דִיא הֵייזֶער וָואס
אִיז גֶעבֶּען דֶעם הוֹיז פוּן מִיכָה פֶערְ־
זַאמֶעלְט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דִיא בְּנֵי דָן
נָאכְגֶעיָאגְט׃
23 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוּפֶען צוּ דִיא
בְּנֵי דָן, אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען אוּמְ־
גֶעקֶעהְרְט זֵייעֶר פָּנִים הָאבֶּען זֵייא
גֶעזָאגְט צוּ מִיכָה, וָואס אִיז דִיר אַז
דוּא הָאסְט דִיךְ אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט?
24 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר הָאט
צוּגֶענוּמֶען מֵיינֶע גֶעטֶער וָואס אִיךְ
הָאבּ מִיר גֶעמַאכְט, אוּנְד דֶעם כֹּהֵן
אוּנְד אִיהְר זֵייט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
וָואס הָאבּ אִיךְ נָאךְ? אוּנְד וָואס אִיז
דָאס דָאזִיגֶע וָואס אִיהְר זָאגְט צוּ מִיר,
וָואס אִיז דִיר?
25 אוּנְד דִיא בְּנֵי דָן הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, לָאז נִיט דֵיין קוֹל בֵּייא אוּנְס
גֶעהֶערְט וֶוערֶען, אַז דִיע מֶענֶער וָואס
הָאבֶּען אַ בִּיטֶער גֶעמִיט זָאלֶען נִיט
אִיבֶּער אֵייךְ פַאלֶען, אוּנְד דֵיין לֶעבֶּען
אוּנְד דָאס לֶעבֶּען פוּן דֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד
וֶועט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶוערֶען׃
26 אוּנְד אַזוֹי זֶענֶען דִיא בְּנֵי דָן זֵייעֶרֶען
וֶועג גֶעגַאנְגֶען; אוּנְד וֶוען מִיכָה הָאט
גֶעזֶעהֶען אַז זֵייא זֶענֶען שְׁטַארְקֶער פוּן
אִיהְם אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
אוּנְד אִיז צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען צוּ זֵיין הוֹיז׃
27 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַוֶועקְגֶענוּמֶען
דָאס וָואס מִיכָה הָאט גֶעמַאכְט, אוּנְד
דֶעם כֹּהֵן וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט, אוּנְד

זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ לַיִשׁ קֶעגֶען אַ פָאלְק וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטִיל אוּנְד אִין זִיכֶערְהַייט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דֶער שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁוֶוערְט, אוּנְד דִיא שְׁטָאט הָאבֶּען זַייא פֶערבְּרֶענְט מִיט פַייעֶר:

28 אוּנְד קֵיינֶער הָאט זִיא נִיט מַצִיל גֶעוֶועזֶען, וָוארִין זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען ווייט פוּן צִידוֹן אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט קֵיין שׁוּם זַאךְ צוּ טְהוּן מִיט אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען, וָוארִין זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם טְהָאל וָואס הָאט גֶעהֶערְט צוּ בֵּית רְחוֹב; אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעבּוֹיעֶט דִיא שְׁטָאט אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִין אִיהְר גֶעוְואוֹינְט:

29 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּפֶען דֶען נָאמֶען פוּן דִיא שְׁטָאט דָן, נָאךְ דֶעם נָאמֶען פוּן זֵייעֶר פָאטֶער דָן, וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען צוּ יִשְׂרָאֵל, אָבֶּער צוּפוֹירֶער הָאט דִיא שְׁטָאט גֶעהֵייסֶען לַיִשׁ:

30 אוּנְד דִיא בְּנֵי דָן הָאבֶּען פַאר זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דָאס גֶעצֶענְבִּילְד, אוּנְד יְהוֹנָתָן זוּהְן פוּ גֵרְשֹׁם, זוּהְן פוּן מְנַשֶּׁה, עֶר אוּנְד זַיינֶע זִיהְן זַיינֶען גֶעוֶועזֶען כֹּהֲנִים צוּ דֶעם שֵׁבֶט דָן בִּיז צוּ דֶעם טָאג פוּן דֶעם גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן דֶעם לַאנְד:

31 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ (אוֹיךְ) אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דָאס גֶעצֶענְבִּילְד פוּן מִיכָה, וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט, דִיא גַאנְצֶע צַייט וֶוען דָאס הויז פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען אִין שִׁלֹה:

## קאפיטעל יט

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא דָאזִיגֶע טֶעג, וֶוען עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אַ מֶלֶךְ אִין יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן, אַ לֵוִי וָואס הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין דִיא זַייטֶען פוּן דֶעם בַּארְג אֶפְרַיִם, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶע־נוּמֶען אַ קֶעבְּסְוַייבּ אוֹיס בֵּית לֶחֶם יְהוּדָה:

2 אוּנְד זַיין קֶעבְּסְוַייבּ הָאט זִיךְ בֵּייא אִיהְם מְזַנֶּה גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אִיז פוּן אִיהְם אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהְר פָאטֶערְס הויז, נָאךְ בֵּית לֶחֶם יְהוּדָה, אוּנְד זִיא אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען אַ צַייט פוּן פִיעֶר חֳדָשִׁים:

3 אַזוֹי אִיז אִיהְר מַאן אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז אִיהְר נָאכְגֶעגַאנְגֶען, אוּם מִיט אִיהְר פְרֵיינְדלִיךְ צוּ רֶעדֶען, אַז זִיא זָאל זִיךְ צוּ אִיהְם צוּרִקְקֶעהְרֶען, אוּנְד זַיין יוּנְגֶע אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אוֹיךְ אַ פָּאר אֵייזֶעלְן, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין אִיהְר פָאטֶערְ'ס הויז, אוּנְד וֶוען דֶער פָאטֶער פוּן דֶער יוּנְגְפְרוֹי הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען אִיז עֶר אִיהְם מִיט פְרֵייד עֶנְטקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען:

4 אוּנְד זַיין שְׁוֶועהְר, דֶער פָאטֶער פוּן דֶער יוּנְגְפְרוֹי, הָאט אִיהְם אָנְגֶע־הַאלְטֶען, אוּנְד עֶר אִיז בֵּייא אִיהְם גֶעבְּלִיבֶּען דְרֵייא טֶעג, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרִינְקֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָארְטֶען אִיבֶּערְנֶעכְטִיגְט:

5 אוּנְד אִין דֶעם פִיעֶרְטֶען טָאג זֶענֶען זַייא פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אַוֶועקְצוּגֵיין, אַזוֹי הָאט דֶער פָאטֶער פוּן דֶער יוּנְגְפְרוֹי גֶעזָאגְט צוּ זַיין אֵיידֶעם, לֶעהְן אוּנְטֶער דֵיין הַארץ מִיט אַ שְׁטִיק בְּרוֹיט, אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶועט אִיהְר אַוֶועקְגֵיין:

6 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד

זַייא הָאבֶּען בֵּיידֶע צוּזַאמֶען גֶעגֶעסֶען
אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען אוּנְד דֶער פָאטֶער
פוּן דֶער יוּנְגפְרוֹי הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דֶעם מַאן, זַייא דָאךְ צוּ פְרִידֶען אוּנְד
אִיבֶּערְנֶעכְטִיג נָאךְ אוּנְד זַייא פְרֵיילִיךְ:
7 אוּנְד וֶוען דֶער מַאן אִיז אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען אַוֶועקְצוּגֵייְן, אַזוֹי הָאט אִיהְם
זַיין שְׁוֶועהר גֶענֵייטִיגְט, אוּנְד עֶר אִיז
פֶערבְּלִיבֶּען אוּנְד הָאט דָארְטֶען גֶע־
נֶעכְטִיגְט:
8 אוּנְד עֶר אִיז אִין דֶעם פִינְפְטֶען
טָאג אִין דֶער פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּם אַוֶועקְצוּגֵייְן, אַזוֹי הָאט דֶער פָאטֶער
פוּן דֶער יוּנְגפְרוֹי גֶעזָאגְט, לֶעהְן דָאךְ
נָאךְ אוּנְטֶער דַיין הַארְץ, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען בִּיז דֶער
טָאג הָאט זִיךְ גֶענֵייגְט, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען בֵּיידֶע גֶעגֶעסֶען:
9 אוּנְד וֶוען דֶער מַאן אִיז אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען אוּם צוּ גֵיין, עֶר אוּנְד זַיין
קֶעבְּסְווייבּ, אוּנְד זַיין יוּנְג, אַזוֹי הָאט
זַיין שְׁוֶועהר, דֶער פָאטֶער פוּן דֶער
יוּנְגפְרוֹי גֶעזָאגְט, זֶעה דָאךְ, דֶער טָאג
וֶוערְט שׁוֹין טוּנְקֶעל, אִיבֶּערְנֶעכְטִיג דָאךְ,
זֶעה, דֶער טָאג אִיז שׁוֹין צוּ עֶנְד, אַזוֹי
אִיבֶּערְנֶעכְטִיג הִיעֶר, אוּנְד לָאז דַיין
הַארְץ פְרֵיילִיךְ זַיין, אוּנְד שְׁטֵייא צוּ
מָארְגֶענְס פְרִיה אוֹיף אוּנְד גֵייט אֵייעֶר
וֶועג צוּ דַיין גֶעצֶעלְט:
10 אָבֶּער דֶער מַאן הָאט נִיט גֶעוָואלְט
אִיבֶּער נַאכְט בְּלֵייבֶּען, גֵייעֶרְט עֶר אִיז
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד עֶר אִיז אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז אָנְגֶעקוּמֶען בִּיז
קֶעגֶענְאִיבֶּער יְבוּס, דָאס אִיז יְרוּשָׁלַם,
אוּנְד מִיט אִיהְם דִיא פָּאר אֵייזֶעלְן
אָנְגֶעלָאדֶען, אוּנְד זַיין קֶעבְּסְווייבּ אִיז
אוֹיךְ מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען:

11 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
גֶעבֶּען יְבוּס, אוּנְד דֶער טָאג הָאט זִיךְ
זֶעהר גֶענֵייגְט, אַזוֹי הָאט דֶער יוּנְג
גֶעזָאגְט צוּ זַיין הַאר, לָאמִיר דָאךְ גֵיין
אוּנְד אָפְּקֶעהְרֶען צוּ דֶער דָאזִיגֶען
שְׁטָאט יבוּס, אוּנְד לָאמֶער אִין אִיהְר
אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען:
12 אוּנְד זַיין הַאר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, מִיר וֶועלֶען נִיט אָפְּקֶעהְרֶען
צוּ אַ פְרֶעמְדֶע שְׁטָאט וָואס גֶעהֶער נִיט
צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, גֵייעֶרְט מִיר
וֶועלֶען אִיבֶּערְפָאהְרֶען בִּיז נָאךְ גִבְעָה:
13 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין
יוּנְג, קוּם, לָאזֶען מִיר גֶענֶעהְנֶען צוּ
אֵיינֶעם פוּן דִיא עֶרְטֶער, אוּנְד אִיבֶּערְ־
נֶעכְטִיגֶען אִין גִבְעָה אָדֶער אִין רָמָה:
14 אוּנְד זַייא זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעפָאהְרֶען,
אוּנְד אַהִינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא זוּן אִיז
אִיבֶּער זַייא אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען אַלְס זַייא
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֵּייא גִבְעָה, וָואס גֶע־
הֶערְט צוּ בִּנְיָמִין:
15 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אָפְּגֶעקֶעהְרְט
דָארְטֶען אַרֵיינְצוּקוּמֶען צוּ אִיבֶּערְנֶעכְטִי־
גֶען אִין גִבְעָה, אוּנְד וֶוען עֶר אִיז
אָנְגֶעקוּמֶען אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ אַנִידֶערְ־
גֶעזֶעצְט אִין דִיא גַאס פוּן דֶער שְׁטָאט,
אָבֶּער קֵיין מֶענְשׁ הָאט זַייא אוֹיפְגֶענוּמֶען
אִין אַ הוֹיז צוּ אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען:
16 אוּנְד נוּן אֵיין אַלְטֶער מַאן אִיז
גֶעקוּמֶען פוּן זַיינֶע אַרְבֵּייט פוּן דֶעם
פֶעלְד אוֹיף דֶער נַאכְט, אוּנְד דֶער
מַאן אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם בַּארְג
אֶפְרַיִם, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גֵר
אִין גִבְעָה, אָבֶּער דִיא לֵייט פוּן דֶעם
אָרְט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן שֵׁבֶט בִּנְיָמִן:
17 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע
אוֹיגֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַ מַאן

אַן אוֹרֵחַ אִין דֶער גַאס פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד דֶער אַלְטֶער מַאן הָאט גֶעזָאגְט, אַוְוָאוּ גֵייסְט דוּא אַהִין ? אוּנְד פוּן וַואנֶען קוּמְסְט דוּא ?

18 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר פָאהְרֶען אִיבֶּער פוּן בֵּית לֶחֶם יְהוּדָה בִּיז צוּ דִיא זֵייטֶען פוּן דֶעם בַּארְג אֶפְרַיִם, פוּן דָארְטֶען בִּין אִיךְ, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען בִּיז נָאךְ בֵּית לֶחֶם יְהוּדָה, אוּנְד (אַצוּנְד) גֵייא אִיךְ צוּ דֶעם הוֹיז פוּן גָאט, אוּנְד קֵיינֶער הָאט מִיךְ נִיט אוֹיפְגֶענוּמֶען אִין אַ הוֹיז אַרֵיין :

19 מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ שְׁטְרוֹי אוּנְד פִיטֶערוּנְג פַאר אוּנְזֶערֶע אֵייזֶעלְן, אוּנְד הָאבּ אוֹיךְ בְּרוֹיט אוּנְד וַויין פַאר מִיר אוּנְד פַאר דֵיינֶע מוֹיד אוּנְד פַאר דֶעם יוּנְג וָואס אִיז מִיט דֵיין קְנֶעכְט, עֶס פֶעהְלְט גָאר קֵיין שׁוּם זַאךְ :

20 אַזוֹי הָאט דֶער אַלְטֶער מַאן גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם זָאל צוּ דִיר זַיין, לָאז דָאךְ אַלֶעס וָואס פֶעהְלְט דִיר אוֹיף מִיר זַיין, נֵייעֶרְט אוֹיף דֶער גַאס זָאלְסְט דוּא נִיט אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען :

21 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין זֵיין הוֹיז, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען עֶסֶען צוּ דִיא אֵייזֶעלְן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעוַואשֶׁען זֵיירֶע פִּיס, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען :

22 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פְרֵיילִיךְ גֶעמַאכְט, זֶעה, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא מֶענֶער פוּן דֶער שְׁטָאט, שְׁלֶעכְטֶע לֵייטֶע, דָאס הוֹיז אַרוּמְגֶערוּנְגֶעלְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעקְלַאפְּט אָן דֶער טְהִיר, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם אַלְטֶען בַּעַל הַבַּיִת, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, בְּרֶענְג אַרוֹיס דֶעם מַאן וָואס אִיז אִין דֵיין הוֹיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אַז מִיר זָאלֶען אִיהְם דֶערְקֶענֶען :

23 אַזוֹי אִיז דֶער מַאן, דֶער בַּעַל הַבַּיִת צוּ זֵייא אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, נֵיין, מֵיינֶע בְּרִידֶער, אִיךְ בֶּעט אֵייךְ טְהוּט נִיט קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס, וָוארִין דֶער דָאזִיגֶער מַאן אִיז צוּ מֵיין הוֹיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אַזוֹי טְהוּט נִיט דִיא דָאזִיגֶע שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ :

24 זֶעהְט, מֵיינֶע טָאכְטֶער וָואס אִיז אַ בְּתוּלָה, אוּנְד זֵיין קֶעבְּס וַוייבּ, זֵייא וֶועל אִיךְ צוּ אֵייךְ אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען, דֶעמִיטִיגְט זֵייא, אוּנְד טְהוּט צוּ זֵייא וָואס עֶס גֶעפֶעלְט אֵייךְ, אָבֶּער צוּ דֶעם דָאזִיגֶען מַאן זָאלְט אִיהְר נִיט דִיא דָאזִיגֶע שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ טְהוּן :

25 אָבֶּער דִיא מֶענֶער הָאבֶּען אִיהְם נִיט גֶעוָואלְט צוּהֶערֶען, אַזוֹ הָאט דֶער מַאן אָנְגֶענוּמֶען זֵיין קֶעבְּסְוַוייבּ אוּנְד הָאט זִיא צוּ זֵייא אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוֹיף דֶער גַאס, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיא בֶּעשְׁלָאפֶען, אוּנְד אַן אִיהְר גֶעשֶׁענְדֶעט דִיא גַאנְצֶע נַאכְט, בִּיז אִין דֶער פְּרִיה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט וֶוען דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען :

26 אוּנְד וֶוען דִיא פְּרוֹי אִיז גֶעקוּמֶען וֶוען עֶס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טָאגֶען, אַזוֹי אִיז זִיא אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען בֵּייא דֶער טְהִיר פוּן דֶעם הוֹיז אַוְוָאוּ אִיהְר הַאר אִיז דָארְטֶען גֶעוֶועזֶען בִּיז עֶס אִיז לִיכְטִיג גֶעוָוארֶען :

27 אוּנְד וֶוען אִיהְר הַאר אִיז אִין דֶער פְּרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד אוֹיפְגֶעמַאכְט דִיא טְהִיר, אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּם אוֹיף זֵיין וֶועג צוּ גֵיין,

זֶעה, דָא וַואר זַיין קֶעבְּסווייבּ אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען בַּייא דֶער טְהִיר פוּן דֶעם הויז, אוּנְד אִיהְרֶע הֶענְד זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אויף דֶער שְׁוֶועל:

28 אַזוי הָאט עֶר צוּ אִיהר גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אויף, אוּנְד מִיר וֶועלֶען גֵיין, אָבֶער עֶס וַואר קֵיינֶע אַנְטוָוארְט, אוּנְד דֶער מַאן הָאט זִיא גֶענוּמֶען אויף זַיין אֵייזֶעל, אוּנְד עֶר אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין אָרְט:

29 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זַיין הויז הָאט עֶר גֶענוּמֶען אַ מֶעסֶער אוּנְד אָנְגֶעגְרִיפֶען זַיין קֶעבְּסווייבּ אוּנְד עֶר הָאט זִיא צוּשְׁנִיטֶען אִין אִיהְרֶע גְלִידֶער אויף צְוֶועלְף שְׁטִיקֶער, אוּנְד עֶר הָאט זִיא אַהִינְגֶעשִׁיקְט אִין אַלֶע גְרֶענְעֶצֶען פוּן יִשְׂרָאֵל:

30 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען הָאט גֶעזָאגְט, אַז אַ זָאלְכֶעס אִיז נִיט גֶעוֶועהֶען גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם טָאג אָן וֶוען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַרויפְגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, בִּיז צוּ דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג, בֶּעדֶענְקְט אֵייךְ דֶערִיבֶּער אוּנְד הַאלְט אֵיין עֵצָה אוּנְד רֶעט אִיבֶּער דֶער זַאךְ:

## קאפּיטעל כ

1 אוּנְד אַלֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַרויסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא גֶעמֵיינְדֶע אִיז גֶעוָוארֶען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וִויא אֵיין מַאן, פוּן דָן בִּיז בְּאֵר שֶׁבַע, אוּנְד דָאס לַאנְד גִלְעָד, צוּ גָאט נָאךְ מִצְפָּה:

2 אוּנְד דִיא הַארֶען פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פוּן אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל אִין דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן דֶעם פָאלְק פוּן גָאט, פִיעֶר הוּנְדֶערְט טויזֶענְד מַאן, וָואס גֵייעֶן צוּ פוּס אוּנְד וָואס צִיהֶען דָאס שְׁוֶוערְט:

3 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן בִּנְיָמִן הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַרויפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ מִצְפָּה;—אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעזָאגְט, רֶעט וִויא אַזוי דָאס דָאזִיגֶע שְׁלֶעכְטֶע אִיז גֶעשֶׁעהֶען:

4 אַזוי הָאט דֶער מַאן, דֶער לֵוִי גֶעאַנְטְוָוארְטֶעט, דֶער מַאן פוּן דֶער פְרוי וָואס אִיז גֶעטֵייטֶעט גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ אוּנְד מֵיין קֶעבְּסווייבּ זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען נָאךְ גִבְעָה וָואס הָאט גֶעהֶערְט צוּ בִּנְיָמִן צוּ אִיבֶּערְגֶעכְטִיגֶען:

5 אַזוי זֶענֶען קֶעגֶען מִיר אויפְגֶעשְׁטַאנֶען דִיא לֵייטֶע פוּן גִבְעָה אוּנְד זֵייא הָאבֶּען קֶעגֶען מִיר אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט דָאס הויז בַּייא דֶער נַאכְט, זֵייא הָאבֶּען גֶעטְרַאכְט מִיךְ צוּ הַרְגְנֶ'ן, אָבֶער זֵייא הָאבֶּען מֵיין קֶעבְּסווייבּ גֶעפֵּיינִיגְט אוּנְד זִיא אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען:

6 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אָנְגֶענוּמֶען מֵיין קֶעבְּסווייבּ אוּנְד הָאבּ זִיא אויף שְׁטִיקֶער צֶערשְׁנִיטֶען אוּנְד הָאבּ זִיא אַהִינְגֶעשִׁיקְט אִין אַלֶע פֶעלְדֶער פוּן דֶער נַחֲלָה פוּן יִשְׂרָאֵל, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען אוּנְד גֶעטְהוּן אַ שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ אִין יִשְׂרָאֵל:

7 זֶעהְט, אִיהְר זֶענְט אַלֶע קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, גֶעבְּט אֵייךְ דָא אֵיין עֵצָה, אוּנְד רֶעט דָא אַ וָוארְט:

8 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען וִויא אֵיין מַאן אוּנְד גֶעזָאגְט, קֵיין אֵיינְצִיגֶער מַאן וֶועט גֵיין צוּ זַיין גֶעצֶעלְט, אוּנְד קֵיינֶער וֶועט אֵיינְקֶעהְרֶען צוּ זַיין הויז:

9 אוּנְד אַצוּנְד דָאס אִיז דִיא זַאךְ

וָאס מִיר וֶועלֶען טְהוּן צוּ גִבְעָה, מִיר
וֶועלֶען קֶעגֶען אִיהְר אַרוֹיפְגֵיין דוּרְךְ
אַ גוֹרָל:
10 אוּנְד מִיר וֶועלֶען נֶעמֶען צֶעהֶן
מֶענֶער פוּן אַ הוּנְדֶערְט, צוּ אַלֶע
שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד הוּנְדֶערְט
פוּן אַ טוֹיזֶענְד, אוּנְד טוֹיזֶענְד פוּן
צֶעהְנְטוֹיזֶענְד אַז זֵייא זָאלֶען אָנְגְרֵייטֶען
שְׁפֵּייז פַאר דֶעם פָאלְק, צוּ טְהוּן וֶוען
זֵייא וֶועלֶען קוּמֶען נָאךְ גֶבַע בִּנְיָמִן,
נָאךְ דֶער גַאנְצֶען שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט וָאס
זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן אִין יִשְׂרָאֵל:
11 אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע מֶענֶער
פוּן יִשְׂרָאֵל פֶערְזַאמֶעלְט קֶעגֶען דֶער
שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
חֲבֵרִים וִויא אֵיין מַאן:
12 אוּנְד דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשִׁיקְט מֶענֶער דוּרְךְ אַלֶע
שְׁבָטִים פוּן בִּנְיָמִן, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
וָאס אִיז דָאס דָאזִיגֶע שְׁלֶעכְטֶע וָאס
אִיז גֶעשֶׁעהֶען אוּנְטֶער אֵייךְ:
13 אוּנְד אַצוּנְד גֶעבְּט אוּנְס אִיבֶּער
דִיא שְׁלֶעכְטֶע מֶענֶער וָאס זֶענֶען אִין
גִבְעָה, אַז מִיר זָאלֶען זֵייא טֵייטֶען,
אוּנְד אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אוֹיסְרוֹימֶען דָאס
בֵּייזֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אָבֶּער דִיא בְּנֵי
בִנְיָמִן הָאבֶּען נִיט גֶעהָארְכְט צוּ דֶער
שְׁטִימֶע פוּן זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל:
14 אוּנְד דִיא בְּנֵי בִנְיָמִן הָאבֶּען זִיךְ
פֶערְזַאמֶעלְט פוּן דִיא שְׁטֶעט נָאךְ גִבְעָה,
אַרוֹיסְצוּגֵיין אוּנְד מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען
מִיט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:
15 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן בִּנְיָמִן זֶענֶען
גֶעצֵיילְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג אוֹיס דִיא שְׁטֶעט זֶעקְס אוּנְד
צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד מַאן וָאס צִיהֶען דָאס
שְׁוֶוערְט, חוּץ דִיא בֶּעוואוֹינֶער פוּן
גִבְעָה, וָאס זֶענֶען גֶעצֵיילְט גֶעוָוארֶען
זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוֹיסְדֶערְוֶויילְטֶע מֶענֶער:
16 פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גַאנְצֶען פָאלְק
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוֹיסְ־
דֶערְוֶויילְטֶע מֶענֶער לִינְקְהֶענְדִיגֶע, אוּנְד
אִיטְלִיכֶער פוּן דִיא דָאזִיגֶע הָאט גֶע־
קֶענְט וַוארְפֶען מִיט אַ שְׁטֵיין צוּ אַ
הָאר אוּנְד הָאט נִיט פֶערְפֶעהְלְט צוּ
טְרֶעפֶען:
17 אָבֶּער פוּן דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
זֶענֶען גֶעצֵיילְט גֶעוָוארֶען, חוּץ בִּנְיָמִן
פִיעֶר הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד מַאן וָאס
הָאבֶּען גֶעצוֹיגֶען דָאס שְׁוֶוערְט, אַלֶע דִיא
דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִלְחָמָה לֵייט:
18 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ בֵּית
אֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעפְרֶעגְט
בֵּייא גָאט, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוער פוּן אוּנְס זָאל
צוּעֶרְשְׁט אַרוֹיפְגֵיין מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען
מִיט דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִן? אוּנְד גָאט
הָאט גֶעזָאגְט, יְהוּדָה צוּעֶרְשְׁט:
19 אַזוֹי זֶענֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
אִין דֶער פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט קֶעגֶען
גִבְעָה:
20 אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען מִלְחָמָה צוּ
הַאלְטֶען מִיט בִּנְיָמִן, אוּנְד דִיא מֶענֶער
פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ קֶעגֶען זֵייא
אָנְגֶעגְרֵייט צוּ דֶער מִלְחָמָה אִין גִבְעָה:
21 אוּנְד דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִן זֶענֶען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס גִבְעָה אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג פֶערְ־
דַארְבֶּען בִּיז צוּ דֶער עֶרְד אִין יִשְׂרָאֵל
צְוֵוייא אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד מַאן:



אונד

22 אוּנְד דָאס פָּאלְק, דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ אַ מָאל אָנְגֶעגְרֵייט צוּ דֶער מִלְחָמָה אִין דֶעם אָרְט אַזְוִואוּ זַייא הָאבֶּען זִיךְ דָארְט אַן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אָנְגֶעגְרֵייט׃

23 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעוֵויינְט פַאר גָאט בִּיז צוּ דֶעם אָבֶענְד, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעפְרֶעגְט בֵּייא גָאט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זָאל אִיךְ נָאךְ אַ מָאל גֶענֶעהֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט דִיא קִינְדֶער פוּן בִּנְיָמִן מֵיין בְּרוּדֶער? אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא אַרוֹיף קֶעגֶען אִיהְם׃

24 אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶענֶעהֶנְט צוּ דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִן אַן דֶעם צְווייטֶען טָאג׃

25 אוּנְד בִּנְיָמִן אִיז עֶנְטְקֶעגֶען זַייא אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס גִבְעָה דֶעם צְווייטֶען טָאג, אוּנְד זַייא הָאבֶּען פֶערְטִילְגְט בִּיז צוּ דֶער עֶרְד פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל נָאךְ אַכְטְצֶעהְן טוֹיזֶענְד מַאן, דִיא אַלֶע הָאבֶּען גֶעצוֹיגֶען דָאס שְׁוֶוערְט׃

26 דֶערְנָאךְ זֶענֶען אַלֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָּאלְק אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ בֵּית אֵל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעוֵויינְט, אוּנְד זַייא זֶענֶען דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען פַאר גָאט, אוּנְד הָאבֶּען דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעפַאסְט בִּיז אָבֶענְד, אוּנְד זַייא הָאבֶּען מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען בְּרַאנְד־אָפְּפֶער אוּנְד פְרִיד־אָפְּפֶער פַאר גָאט׃

27 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אָנְגֶעפְרֶעגְט בֵּייא גָאט, וָוארִין דָארְטֶען אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער אָרוֹן בְּרִית פוּן גָאט אִין דִיזֶעלְבִּיגֶע טֶעג׃

28 אוּנְד פִּינְחָס דֶער זוּהְן פוּן אֶלְעָזָר, זוּהְן פוּן אַהֲרֹן אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר דֶעם אָרוֹן אִין דִיזֶעלְבִּיגֶע טֶעג,—אוּנְד גֶעזָאגְט, זָאל אִיךְ נָאךְ אַ מָאל אַרוֹיסְגֵיין מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט דִיא קִינְדֶער פוּן בִּנְיָמִן מֵיין בְּרוּדֶער, אָדֶער זָאל אִיךְ עֶס פֶערְמֵיידֶען? אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא אַרוֹיף, וָוארִין מָארְגֶען וֶועל אִיךְ זַייא גֶעבֶּען אִין דֵיינֶע הַאנְד אַרֵיין׃

29 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעשְׁטֶעלְט לוֹיֶערְס רִינְגְס אַרוּם צוּ גִבְעָה׃

30 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִן אַן דֶעם דְרִיטֶען טָאג, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעגְרֵייט (אַ מִלְחָמָה) קֶעגֶען גִבְעָה, וִויא פְרִיהֶער׃

31 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן בִּנְיָמִן זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען עֶנְטְקֶעגֶען דֶעם פָּאלְק, אוּנְד זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען גֶעוָוארֶען פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁלָאגֶען פוּן דֶעם פָּאלְק דֶערשְׁלָאגֶענֶע, אַזוֹי וִויא פְרִיהֶער אוֹיף דִיא הוֹיכֶע וֶועגֶען, וְואוּ אֵיינֶער גֵייט אַרוֹיף נָאךְ בֵּית אֵל אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער נָאךְ גִבְעָה, אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אַן עֶרֶךְ פוּן דְרֵייסִיג מַאן פוּן יִשְׂרָאֵל׃

32 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן בִּנְיָמִן הָאבֶּען גֶעזָאגְט,—זַייא זֶענֶען גֶעשְׁלָאגֶען פַאר אוּנְס אַזוֹי וִויא צוּ דֶעם עֶרְשְׁטֶען מָאל; אָבֶער דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעזָאגְט, לָאמִיר אוּנְס (מַאכֶען) עֶנְטְלוֹיפֶען, אוּנְד זַייא אַוֶועקְצִיהֶען פוּן דֶער שְׁטָאט, צוּ דִיא הוֹיכֶע וֶועגֶען׃

33 אוּנְד אַלֶע מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל

וָועגען אויפְגֶעשְׁטאַנֶען פוּן זַייעֶר אָרְט,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעגְרֵייט בֵּייא
בַּעַל תָּמָר, אוּנְד דִיא לוֹיעֶרְס פוּן
יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַרויסְגֶעקוּמֶען פוּן זַייעֶר
אָרְט, פוּן דִיא עֶנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן גֶבַע׃
34 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען קֶעגֶען
גִבְעָה צֶעהְן טוֹיזֶענְד אויסְדֶערְוֶוילְטֶע
מֶענֶער פוּן גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דִיא
מִלְחָמָה אִיז זֶעהְר שְׁטַארְק גֶעוֶועזֶען,
אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט אַז
דָאס בֵּייזֶע וַואר אַזוֹי נָאהֶענְט צוּ זַייא׃
35 אוּנְד גָאט הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם
בִּנְיָמִן פַאר יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג
פֶערְטִילְגְט פוּן בִּנְיָמִן פִינְף אוּנְד
צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד אֵיין הוּנְדֶערְט
מַאן, דִיזֶע אַלֶע הָאבֶּען גֶעצוֹיגֶען דָאס
שְׁוֶוערְט׃
36 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער פוּן בִּנְיָמִן
גֶעזֶעהֶען אַז זַייא זֶענֶען גֶעשְׁלָאגֶען
גֶעוָוארֶען, וָוארִין דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען פְּלַאץ גֶעמַאכְט פַאר בִּנְיָמִן,
וָוארִין זַייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזִיכֶערְט
אויף דִיא לוֹיעֶרְס וָואס זַייא הָאבֶּען
גֶעטְהוּן נֶעבֶּען גִבְעָה׃
37 אוּנְד דִיא לוֹיעֶרְס הָאבֶּען זִיךְ
גֶעאַיילְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ פֶּערְ־
שְׁפְּרֵייט אִיבֶּער גִבְעָה, אוּנְד דִיא
לוֹיעֶרְס הָאבֶּען (שׁוֹפָר) גֶעבְּלָאזֶען,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען דִיא גַאנְצֶע
שְׁטָאט מִיט דִיא שַׁארְף פוּן דֶעם
שְׁוֶוערְט׃
38 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ בֶּע־
שְׁטִימְטֶע צֵייט (אָדֶער אַ סִימָן) צְווִישֶׁען
דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד דִיא
לוֹיעֶרְס, אַז זַייא זָאלֶען מַאכֶען אויפְ־
גֵיין אַ גְרוֹיסֶען רוֹיךְ פוּן דֶער שְׁטָאט׃
39 אוּנְד וֶוען דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אִין דֶער
מִלְחָמָה, אוּנְד בִּנְיָמִן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
צוּ שְׁלָאגֶען דִיא דֶערשְׁלָאגֶענֶע אִין דִיא
מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אַן עֶרֶךְ פוּן דְרֵייסִיג
מַאן,—וָוארִין זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז
(יִשְׂרָאֵל) אִיז זִיכֶערְלִיךְ פַאר אוּנְס גֶע־
שְׁלָאגֶען אַזוֹי וִויא אִין דִיא עֶרְשְׁטֶע
מִלְחָמָה׃
40 אוּנְד דִיא פְלַאם הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
אַרויפְצוּגֵיין פוּן דֶער שְׁטָאט וִויא אַ
זַייל פוּן רוֹיךְ, אוּנְד בִּנְיָמִן הָאט הִינְטֶער
זִיךְ גֶעקוּקְט, אוּנְד זֶעה, דֶער רוֹיךְ פוּן
דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט אִיז אַרויפְגֶעגַאנְגֶען
בִּיז צוּ דֶעם הִימֶעל׃
41 אוּנְד וֶוען דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אַזוֹי זֶענֶען
דִיא מֶענֶער פוּן בִּנְיָמִן דֶערשְׁרָאקֶען
גֶעוָוארֶען, ווייל זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
אַז דָאס בֵּייזֶע אִיז אִיבֶּער זַייא אָנְ־
גֶעטְרָאפֶען׃
42 אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
פוּן פַאר דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל צוּ
דֶעם וֶועג פוּן דֶער מִדְבָּר, אָבֶּער דִיא
מִלְחָמָה לַייט הָאבֶּען זִיךְ אַן זַייא
בֶּעהֶעפְט, אוּנְד דִיא (וָואס זֶענֶען
אַרויסְגֶעקוּמֶען) פוּן דִיא שְׁטָאט הָאבֶּען
זַייא צְווִישֶׁען זִיךְ פֶערְטִילְגְט׃
43 זַייא הָאבֶּען בִּנְיָמִן אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט
אוּנְד נָאכְגֶעיָאגְט, פוּן זַייעֶר מְנוּחָה
הָאבֶּען זַייא אִיהְם גֶעגְרֵייכְט בִּיז עֶנְטְ־
קֶעגֶען גִבְעָה, אַווּאוּ דִיא זוּן גֵייט אויף׃
44 אוּנְד עֶס אִיז גֶעפַאלֶען פוּן בִּנְיָמִן
אַכְטְצֶעהְן טוֹיזֶענְד מַאן, דִיזֶע אַלֶע
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְקֶע מִלְחָמָה
לַייטֶע׃
45 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט

אוּנְד זֶענֶען עֶנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען אִין דִיא מִדְבָּר אַרֵיין, צוּ דֶעם פֶעלְזֶענְשְׁטֵיין רִמּוֹן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פוּן זֵייא אוֹיפְגֶעקְלִיבֶּען אִין דִיא הוֹיכֶע וֶועגֶען פִינְף טוֹיזֶענְד מַאן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא נָאכְגֶעיָאגְט בִּיז נָאךְ גִדְעוֹם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פוּן זֵייא דֶערשְׁלָאגֶען צְווֵייא טוֹיזֶענְד מַאן :

46 אוּנְד אַלֶע וָואס זֶענֶען גֶעפַאלֶען פוּן בִּנְיָמִן אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד מַאן, וָואס הָאבֶּען גֶעצוֹיגֶען דָאס שְׁוֶוערְט, דִיזֶע אַלֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְקֶע מִלְחָמָה לֵייטֶע :

47 אָבֶּער דִיא וָואס הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּנְד זֶענֶען עֶנְטְלָאפֶען אִין דֶער מִדְבָּר אַרֵיין צוּ דֶעם פֶעלְזֶענְשְׁטֵיין רִמּוֹן, וַוארֶען זֶעקְס הוּנְדֶערְט מַאן, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען בֵּייא דֶעם פֶעלְזֶענְשְׁטֵיין רִמּוֹן פִיעֶר חֳדָשִׁים :

48 אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען צוּ דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען דוּרְךְ דִיא שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁוֶוערְט, פוּן (יֶעדֶע) שְׁטָאט פוּן מֶענְשֶׁען בִּיז צוּ בְּהֵמוֹת, אַלֶעס וָואס אִיז גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען, אוֹיךְ אַלֶע שְׁטֶעט הָאבֶּען זֵייא פֶערבְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר :

## קאפיטעל כא

1 אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעשְׁוָואוֹרֶען אִין מִצְפָּה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, קֵיינֶער פוּן אוּנְס זָאל גֶעבֶּען זַיינֶע טָאכְטֶער צוּ בִּנְיָמִן אַלְס ווייב :

2 אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ בֵּית אֵל, אוּנְד זֶענֶען דָארְטֶען גֶעבְּלִיבֶּען בִּיז אָבֶענְד פַאר גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶר קוֹל אוּנְד זֵייא הָאבֶּען שְׁטַארְק גֶעוֵויינְט :

3 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אָ גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, וַוארוּם אִיז דָאס דָאזִיגֶע גֶעשֶׁעהֶען אִין יִשְׂרָאֵל, אַז עֶס זָאל הֵיינְט גֶעמִינְגֶערְט וֶוערֶען אֵיין שֵׁבֶט פוּן יִשְׂרָאֵל ?

4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם אַנְדֶערְן טָאג, אַזוֹי אִיז דָאס פָאלְק פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבּוֹיעֶט אַ מִזְבֵּחַ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען בְּרַאנְד־אָפְּפֶער אוּנְד פְרִיד־אָפְּפֶער :

5 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז דָא פוּן אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס אִיז נִיט אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען אִין דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג צוּ גָאט ? וָוארִין עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶע שְׁבוּעָה וֶועגֶען דֶעם וָואס אִיז נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ גָאט נָאךְ מִצְפָּה, אוּנְד גֶעזָאגְט אַז עֶר זָאל גֶעוִויס גֶעטֵייטֶעט וֶוערֶען :

6 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען חַרָטָה גֶעהַאט וֶועגֶען בִּנְיָמִן זֵייעֶר בְּרוּדֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אֵיין שֵׁבֶט אִיז אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען פוּן יִשְׂרָאֵל :

7 וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן צוּ זֵייא וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען וֶועגֶען וַוייבֶּער ? וָוארִין מִיר הָאבֶּען גֶעשְׁוָואוֹרֶען בֵּייא גָאט אַז מִיר וֶועלֶען נִיט גֶעבֶּען אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער צוּ זֵייא פַאר וַוייבֶּער :

8 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז דֶער אֵיינֶער פוּן דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס אִיז נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ גָאט נָאךְ מִצְפָּה ? אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז קֵיינֶער גֶעקוּמֶען צוּ דֶער מַחֲנֶה פוּן יָבֵשׁ גִלְעָד צוּ דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג :

9 אוּנְד װָען דָאס פָּאלְק אִיז גֶעצֵיילְט
גֶעװָארֶען, װֶעה, אַזױ אִיז קֵיינֶער דָארְט
גֶעװֶעזֶען פוּן דִיא בֶּעװאֹױנֶער פוּן יָבֵשׁ
גִלְעָד:
10 אַזױ הָאט דִיא גֶעמֵיינְדֶע דָארְטֶען
אַהִינְגֶעשִׁיקְט צְװֶעלְף טױזֶענְד מַאן פוּן
דִיא שְׁטַארְקֶע מִלְחָמָה לֵייט, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זֵייא גֶעבָּאטֶען אַזױ צוּ זָאגֶען,
גֵייט אַהִין אוּנְד שְׁלָאגְט דִיא בֶּעװאֹױנֶער
פוּן יָבֵשׁ גִלְעָד מִיט דִיא שַׁארְף פוּן
דֶעם שְׁװֶערְט, מִיט דִיא װַייבֶּער אוּנְד
קְלֵיינֶע קִינְדֶער:
11 אוּנְד דָאס אִיז דִיא זַאךְ װָאס
אִיהְר זָאלְט טְהוּן, אִיהְר זָאלְט פֶערְ־
טִלְגֶען אִיטְלִיכֶען מַאנְסְפֶּערְזױן אוּנְד
אִיטְלִיכֶעס װַייבּ װָאס הָאט גֶעלֶעגֶען
מִיט אַ זָכָר:
12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעפוּנֶען פוּן
דִיא בֶּעװאֹױנֶער פוּן יָבֵשׁ גִלְעָד פִיעֶר
הוּנְדֶערְט יוּנְגֶע בְּתוּלוֹת װָאס הָאבֶּען
נָאךְ נִיט דֶערְקֶענְט דָאס גֶעלֶעגֶער מִיט
אַ זָכָר, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַהֵיינְ־
גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶער מַחֲנֶה אִין שִׁלוֹה,
װָאס אִיז אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן:
13 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע הָאבֶּען
אַהִינְגֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאבֶּען גֶערֶעט צוּ
דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִן װָאס זֶענֶען גֶעװֶעזֶען
אִין דֶעם פֶעלְזֶענְשְׁטֵיין רִמּוֹן, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא אױסְגֶערוּפֶען שָׁלוֹם:
14 אַזױ הָאט זִיךְ בִּנְיָמִן אִין דֶערְזֶעלְ־
בִּיגֶע צֵייט אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען דִיא װַייבֶּער
װָאס זֵייא הָאבֶּען גֶעלָאזְט לֶעבֶּען פוּן
דִיא װַייבֶּער פוּן יָבֵשׁ גִלְעָד, אָבֶּער
זֵייא הָאבֶּען נִיט פַאר זֵייא גֶענוּג
גֶעפוּנֶען גֶעהַאט:
15 אוּנְד דָאס פָּאלְק הָאט זִיךְ בֶּעְ־
דֶענְקְט (חָרְטָה גֶעהַאט) װֶעגֶען בִּנְיָמִן,
װָארִין גָאט הָאט גֶעטְהוּן אַ בְּרָאךְ אִין
דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל:
16 אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער גֶעְ־
מֵיינְדֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, װָאס זָאלֶען
מִיר טְהוּן װֶעגֶען װַייבֶּער פַאר דִיא
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע; װָארִין אַלֶע װַייבֶּער
זֶענֶען פֶערְטִילְגְט פוּן בִּנְיָמִין?
17 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס
מוּז זַיין אַ יְרוּשָּׁה צוּ דִיא אֶנְטְרִינֶענֶע
פוּן בִּנְיָמִן, אַז עֶס זָאל נִיט אױסְגֶעְ־
מֶעקְט װֶערֶען אַ שֵׁבֶט פוּן יִשְׂרָאֵל:
18 אָבֶּער מִיר קֶענֶען נִיט צוּ זֵייא
גֶעבֶּען װַייבֶּער פוּן אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער,
װַייל דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעְ־
שְׁװָארֶען, אוּנְד גֶעזָאגְט, פֶערְפְלוּכְט
זָאל דֶער זַיין װָאס װֶעט גֶעבֶּען אַ װַייבּ
צוּ בִּנְיָמִן:
19 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, װֶעה,
עֶס אִיז אַ פֵייעֶרְטָאג צוּ גָאט אִין שִׁלוֹ
פוּן יָאהְר צוּ יָאהְר, פוּן דֶער צָפוֹן־זֵייט
צוּ בֵּית אֵל, װָאוּ דִיא זוּן גֵייט אױף,
בֵּייא דֶעם הױכֶען װֶעג װָאס גֵייט
אַרױף פוּן בֵּית אֵל נָאךְ שְׁכֶם, אַן דֶער
דָרוֹם־זֵייט צוּ לְבוֹנָה:
20 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבָּאטֶען דִיא
קִינְדֶער בִּנְיָמִן אַזױ צוּ זָאגֶען, גֵייט
אַהִין אוּנְד לױעֶרְט אִין דִיא װֵיינְגֶערְטֶען:
21 אוּנְד זֶעהְט צוּ, װֶען דִיא טֶעכְטֶער
פוּן שִׁלוֹה װֶעלֶען אַרױסְגֵיין צוּ טַאנְצֶען,
אַזױ זָאלְט אִיהְר אַרױסְקוּמֶען פוּן דִיא
װֵיינְגֶערְטֶען אוּנְד זָאלְט צוּ אֵייךְ חַאפֶּען
אִיטְלִיכֶער זַיין װַייבּ פוּן דִיא טֶעכְטֶער
פוּן שִׁלוֹה, אוּנְד אִיהְר זָאלְט גֵיין צוּ
דֶעם לַאנְד בִּנְיָמִן:
22 אוּנְד עֶס װֶעט זַיין, דָאס װֶען
זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן אָדֶער זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער

וֶועלֶען קוּמֶען זִיךְ מִיט אוּנְס צוּ קְרִיגֶען,
אַזוֹי וֶועלֶען מִיר צוּ זַייא זָאגֶען, דֶערְ־
בַּארְמְט אֵייךְ אִיבֶּער זַייא אוּנְזֶערְט
וֶועגֶען וַוייל מִיר הָאבֶּען נִיט פַאר
אִיטְלִיכֶען מַאן גֶענוּמֶען אַ ווייבּ אִין
דֶער מִלְחָמָה, וָוארִין אִיהְר הָאט זַייא
נִיט צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען, דָאס אִיהְר
זָאלְט אִין דִיזֶער צַייט שׁוּלְדִיג זַיין:
23 אוּנְד דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִן הָאבֶּען
אַזוֹי גֶעטְהוּן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ
גֶענוּמֶען ווייבֶּער נָאךְ זַייעֶרע צָאל פוּן
דִיא טַאנְצֶערְס וָואס זַייא הָאבֶּען זִיךְ
גֶערוֹיבְּט, אוּנְד אַזוֹי זֶענֶען זַייא אַהֵינְ־
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּרִיקְ־
גֶעקֶעהֶרְט צוּ זַייעֶר נַחֲלָה, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט דִיא שְׁטֶעט אוּנְד
זַייא הָאבֶּען אִין זַייא גֶעווָאוינְט:
24 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען
אִין דֶערְזֶעלְבִּיגֶע צַייט פוּן דָארְטֶען
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִיטְלִיכֶער צוּ זַיין שֵׁבֶט,
אוּנְד צוּ זַיינֶע מִשְׁפָּחָה, אוּנְד אִיטְלִיכֶער
אִיז פוּן דָארְטֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ
זַיין נַחֲלָה:
25 אִין דִיזֶעלְבִּיגֶע צַייט אִיז נִיט גֶער־
וֶועזֶען קֵיין מֶלֶךְ אִין יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
אִיטְלִיכֶער הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא עֶס
אִיז אִיהְם ווָאוילְגֶעפָאלֶען:

## חזק

אלע פסוקים פון דעם ספר שופטים זענען זעקס הונדערט אונד אכטצעהן, דיא העלפט דאפאן איז קאפיטעל י׳ פסוק ח׳; אונד האט איין אונד צוואנציג קאפיטעל:

# שמואל א א.

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין מַאן
פוּן רָמָתַיִם צוֹפִים, פוּן דֶעם בַּארְג
אֶפְרַיִם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען אֶלְקָנָה,
זוּהְן פוּן יְרוֹחָם, זוּהְן פוּן אֱלִיהוּא, זוּהְן
פוּן תוֹחוּ, זוּהְן פוּן צוּף אוֹים אֶפְרָת:
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט צְוֵויא
וֵוייבֶּער, דֶער נָאמֶען פוּן אֵיינֶער אִיז
גֶעוֶועזֶען חַנָּה, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן
דֶער אַנְדֶערֶער אִיז גֶעוֶועזֶען פְּנִנָּה;
אוּנְד פְּנִנָּה הָאט גֶעהַאט קִינְדֶער אָבֶּער
חַנָּה הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע קִינְדֶער:
3 אוּנְד דֶער דָאזִיגֶער מַאן אִיז אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען פוּן זַיינֶע שְׁטָאט פוּן יָאהְר
צוּ יָאהְר זִיךְ צוּ בִּיקֶען אוּנְד מַקְרִיב
צוּ זַיין קָרְבָּנוֹת צוּ גָאט פוּן דִיא
הֶערְשַׁארֶען אִין שִׁלוֹה; אוּנְד דָארְטֶען
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא צְוֵויא זִיהְן פוּן
עֵלִי, חָפְנִי אוּנְד פִּנְחָס, זַייא זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען כֹּהֲנִים צוּ גָאט:
4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַן דֶעם
טָאג וֶוען אֶלְקָנָה הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען,
אַזוֹי הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען חֲלָקִים צוּ
פְּנִנָּה זַיין וַוייבּ אוּנְד צוּ אַלֶע אִיהְרֶע
זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער:
5 אָבֶּער צוּ חַנָּה הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען
אַ דָאפֶּעלְט חֵלֶק, וָוארִין עֶר הָאט חַנָּה
גֶעלִיעבְּט, אָבֶּער גָאט הָאט פֶערְשְׁלָאסֶען
אִיהְר מוּטֶערְלֵייבּ:
6 אוּנְד אִיהְרֶע פֵיינְדִין הָאט זִיא גֶע־
עֶרְגֶערְט אוּנְד דֶערְצָארְנְט, וַוייל גָאט
הָאט אִיהְר מוּטֶערְלֵייבּ פֶערְשְׁלָאסֶען:
7 אוּנְד אַזוֹי פְלֶעגְט עֶר צוּ טְהוּן פוּן
יָאהְר צוּ יָאהְר וֶוען זִיא אִיז אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן גָאט, אוּנְד
אַזוֹי פְלֶעגְט מֶען זִיא צוּ עֶרְגֶערְן, אוּנְד
זִיא הָאט גֶעוֵויינְט אוּנְד הָאט נִיט גֶע־
וָואלְט עֶסֶען:
8 אוּנְד אֶלְקָנָה אִיהְר מַאן הָאט צוּ
אִיהְר גֶעזָאגְט, חַנָּה, פַאר וָואס וֵויינְסְט
דוּא? אוּנְד פַאר וָואס עֶסְט דוּא נִיט?
אוּנְד פַאר וָואס אִיז דֵיין הֶערְץ אַזוֹי
טְרוֹירִיג? בִּין אִיךְ דֶען נִיט בֶּעסֶער צוּ
דִיר וִויא צֶעהְן זִיהְן?
9 אוּנְד חַנָּה אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען נָאכְ־
דֶעם זִיא הָאט גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען
אִין שִׁלוֹה, אוּנְד עֵלִי דֶער כֹּהֵן אִיז
גֶעזֶעסֶען אוֹיף אַ שְׁטוּהְל נֶעבֶּען דֶער
מְזוּזָה פוּן דֶעם הֵיכַל פוּן גָאט:
10 אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט אַ בִּיטֶער
גֶעמִיט, אוּנְד זִיא הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ
גָאט, אוּנְד זִיא הָאט זֶעהְר גֶעוֵויינְט:
11 אוּנְד זִיא הָאט אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן,
אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אָ גָאט פוּן
דִיא הֶערְשַׁארֶען! וֶוען דוּא וֶועסְט
אָנְזֶעהֶען דָאס עֶלֶענְד פוּן דֵיינֶע דִינְסְט־
מוֹיד, אוּנְד וֶועסְט אַן מִיר גֶעדֶענְקֶען,
אוּנְד נִיט פֶערְגֶעסֶען דֵיינֶע דִינְסְטמוֹיד,
נֵייעֶרְט דוּא וֶועסְט גֶעבֶּען צוּ דֵיינֶע
דִינְסְטמוֹיד מֶענְלִיכֶען זָאמֶען, אַזוֹי וֶועל
אִיךְ (אִיהְם) גֶעבֶּען צוּ גָאט אַלֶע זַיינֶע
לֶעבֶּענְסטֶעג, אוּנְד קֵיין גָאלְמֶעסֶער
זָאל נִיט אַרוֹיפְקוּמֶען אוֹיף זַיין קָאפּ:
12 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען זִיא
הָאט פִיל גֶעבֶּעטֶען פַאר גָאט, אַזוֹי

הָאט עֶלִי גֶעהִיט (בֶּעטְרַאכְט) אִיהְר
מוֹיל:
13 וָוארִין חַנָּה הָאט גֶערֶעט אִין אִיהְר
הַארְץ, אִיהְרֶע לִיפֶּען הָאבֶּען זִיךְ נָאר
בֶּעוֶועגְט אָבֶּער אִיהְר קוֹל אִיז נִיט
גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען; אַזוֹי הָאט זִיא עֶלִי
גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ שִׁכּוֹרָתֶע:
14 אוּנְד עֶלִי הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
בִּיז וִויא לַאנְג וֶועסְט דוּא נָאךְ זַיין
אַנְגֶעשִׁכּוֹרְת? טְהוּא אָפּ דַיין וַויין פוּן
דִיר:
15 אוּנְד חַנָּה הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, נֵיין, מֵיין הַאר! אִיךְ
בִּין אַ פְרוֹי מִיט אַ שְׁוֶוערֶער גֶעמִיט, אִיךְ
הָאבּ נִיט גֶעטְרוּנְקֶען קֵיין וַויין אָדֶער
שְׁטַארְק גֶעטְרֶענְק, נֵייעֶרְט אִיךְ הָאבּ
מֵיין נֶפֶשׁ אוֹיסְגֶעגָאסֶען פַאר גָאט:
16 הַאלְט נִיט דֵיינֶע דִינְסְטמוֹיד פַאר
אַ שְׁלֶעכְטֶע טָאכְטֶער, וָוארִין וֶועגֶען
פִיל קְלָאגֶען אוּנְד צָארְן הָאבּ אִיךְ בִּיז
אַהֶער גֶערֶעט:
17 אַזוֹי הָאט עֶלִי גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, גֵייא בְּשָׁלוֹם, אוּנְד דֶער גָאט
פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועט דִיר גֶעבֶּען נָאךְ דֵיין
גֶעבֶּעט וָואס דוּא הָאסְט פוּן אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען:
18 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, לָאז דֵיינֶע
דִינְסְטמוֹיד גֶעפִינֶען חֵן אִין דֵיינֶע
אוֹיגֶען; אוּנְד דָאס ווייבּ אִיז אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען אִיהְרֶען וֶועג, אוּנְד זִיא הָאט
גֶעגֶעסֶען, אוּנְד אִיהְר פָּנִים אִיז שׁוֹין
נִיט מֶעהְר (טְרוֹירִיג) גֶעוֶועזֶען:
19 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אִין דֶער פְרִיה
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
גֶעבִּיקְט פַאר גָאט, אוּנְד זֶענֶען צוּרִיקְ־
גֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען צוּ
זֵייעֶר הוֹיז נָאךְ רָמָתָה, אוּנְד אֶלְקָנָה
הָאט בֶּעשְׁלָאפֶען דִיא חַנָּה זֵיין ווייבּ,
אוּנְד גָאט הָאט אָן אִיהְר גֶעדַאכְט:
20 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ דֶעם
אַרוּמְרִינְגְלֶען פוּן דִיא טֶעג, אַזוֹי אִיז
חַנָּה טְרָאגֶעדִיג גֶעוָוארֶען אוּנְד זִיא
הָאט גֶעוִוינֶען אַ זוּהְן, אוּנְד זִיא הָאט
גֶערוּפֶען זֵיין נָאמֶען שְׁמוּאֵל, וָוארִין
(זִיא הָאט גֶעזָאגְט) פוּן גָאט הָאבּ אִיךְ
אִיהְם אוֹיסְגֶעבֶּעטֶען:
21 אוּנְד דֶער מַאן אֶלְקָנָה אוּנְד זֵיין
גַאנְץ הוֹיזְגֶעזִינְד זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
מַקְרִיב צוּ זַיין דִיא יֶעהְרְלִיכֶע קָרְבָּנוֹת
אוּנְד צוּ טְהוּן זֵיין נֶדֶר:
22 אָבֶּער חַנָּה אִיז נִיט מִיט אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען, וָוארִין זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אִיהְר מַאן, וֶוען דֶער יוּנְג וֶועט זַיין
אָפְּגֶעוֶויינְט אַזוֹי וֶועל אִיךְ אִיהְם
בְּרֶענְגֶען אוּנְד מִיר וֶועלֶען זֶעהֶען דָאס
אָנְגֶעזִיכְט פוּן גָאט אַז עֶר זָאל דָארְטֶען
בְּלֵייבֶּען בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג:
23 אוּנְד אֶלְקָנָה אִיהְר מַאן הָאט צוּ
אִיהְר גֶעזָאגְט, טְהוּא וָואס אִיז גוּט אִין
דֵיינֶע אוֹיגֶען, בְּלֵייבּ (אִין דֶער הֵיים)
בִּיז דוּא וֶועסְט אִיהְם הָאבֶּען אָפְּגֶע־
וֶויינְט, לָאז נָאר גָאט מְקַיֵּים זַיין זֵיינֶע
רֵייד; אוּנְד דָאס ווייבּ אִיז (אִין דֶער
הֵיים) גֶעבְּלִיבֶּען אוּנְד זִיא הָאט גֶע־
זֵייגְט אִיהְר זוּהְן בִּיז זִיא הָאט אִיהְם
אָפְּגֶעוֶויינְט:
24 וֶוען זִיא הָאט אִיהְם אָפְּגֶעוֶויינְט,
אַזוֹי הָאט זִיא אִיהְם מִיט זִיךְ אַרוֹיפְ־
גֶעבְּרַאכְט מִיט דְרֵייא אָקְסֶען אוּנְד אֵיין
מָאס מֶעהְל, אוּנְד אֵיין לָאגֶעל וַויין,
אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט
אִין דֶעם הוֹיז פוּן גָאט נָאךְ שִׁלֹה, אוּנְד
דָאס קִינְד אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען יוּנְג:
25 אוּנְד מֶען הָאט גֶעשָׁאכְטֶען דֶעם

אָקָס, אוּנְד דֶעם יוּנְג הָאבֶּען זֵייא גֶעֿ־
בְּרַאכְט צוּ עֵלִי׃
26 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט
דִיךְ מֵיין הַאר, אַזוֹי וִויא דוּא לֶעבְּסְט,
מֵיין הַאר, אִיךְ בִּין דָאס וֵוייבּ וָואס
אִיז דָא בֵּייא דִיר גֶעשְׁטַאנֶגען אוּם צוּ
בֶּעטֶען צוּ גָאט׃
27 וֶוענֶען דֶעם דָאזִיגֶען יוּנְג הָאבּ
אִיךְ גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד גָאט הָאט מִיר
גֶעגֶעבֶּען מֵיין פֶּערְלַאנְגֶען וָואס אִיךְ
הָאבּ פוּן אִיהְם גֶעבֶּעטֶען׃
28 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם אוֹיךְ גֶעֿ־
לִיהֶען צוּ גָאט, דִיא גַאנְצֶע צֵייט וָואס
עֶר וֶועט לֶעבֶּען זָאל עֶר זַיין גֶעלִיהֶען
צוּ גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דָארְטֶען
גֶעבִּיקְט צוּ גָאט׃

קאפיטעל ב

1 אוּנְד חַנָּה הָאט גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד זִיא
הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין הַארְץ פְרֵייט זִיךְ
אִין גָאט, מֵיין הָארְן אִיז דֶערְהוֹיבֶּען
אִין גָאט, מֵיין מוֹיל הָאט זִיךְ דֶערְ־
וֵוייטֶערְט אִיבֶּער מֵיינֶע פֵיינְד, וֵוייל
אִיךְ פְרֵייעֶ מִיךְ אִין דֵיינֶע הִילְפֶע׃
2 קֵיינֶער אִיז אַזוֹי הֵיילִיג וִויא גָאט,
וָוארִין עֶס אִיז קֵיינֶער חוּץ דִיר, אוּנְד
עֶס אִיז קֵיין פֶעלְז אַזוֹי וִויא אוּנְזֶער
גָאט׃
3 אִיהְר זָאלְט נִיט מֶעהְרֶען צוּ רֶעדֶען
הָאפֶּערְדִינְגְקֵייט עֶס זָאל קֵיינֶע שְׁטָאלְצְ־
הֵייט אַרוֹיסְקוּמֶען פוּן אֵייעֶר מוֹיל,
וָוארִין יְהֹוָה אִיז אַ גָאט פוּן וִויסֶענְשַׁאפְט,
אוּנְד בֵּייא אִיהְם וֶוערֶען אַלֶע מַעֲשִׂים
אָפְּגֶעוואוֹיגֶען׃
4 דֶער בּוֹיגֶען פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע אִיז
צֶערְבְּרָאכֶען, אוּנְד דִיא גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְטֶע
גוּרְטֶען זִיךְ אָן מִיט כֹּחַ׃
5 דִיא זַאטְטֶע פֶערְדִינְגֶען זִיךְ פַאר
בְּרוֹיט אָבֶּער דִיא הוּנְגְרִיגֶע הֶערֶען
אוֹיף (הוּנְגְרִיג צוּ זַיין); בִּיז דִיא עֲקָרָה
הָאט גֶעוִוינֶען זִיבֶּען, אוּנְד דִיא וָואס
הָאט גֶעהַאט פִיל קִינְדֶער אִיז גֶעוָוארֶען
פֶערְשְׁנִיטֶען׃
6 גָאט טֵייטֶעט אוּנְד מַאכְט לֶעבֶּעדִיג,
עֶר מַאכְט אַרוּפְּנִידֶערְן אִין דֶעם שְׁאוֹל
אוּנְד בְּרֶענְגְט אַרוֹיף׃
7 גָאט מַאכְט אָרֶעם אוּנְד רֵייךְ, עֶר
מַאכְט אַרוּפְּנִידֶערְן אוּנְד עֶר דֶערְהֵייכְט
אוֹיךְ׃
8 עֶר שְׁטֶעלְט אוֹיף פוּן דֶעם שְׁטוֹיבּ
דֶעם אָרֶעמֶען, עֶר דֶערְהֵייכְט דֶעם
בֶּעדִירְפְטִיגֶען אוּם אִיהְם צוּ זֶעצֶען מִיט
דִיא פֶערְשְׁטֶען, אוּנְד עֶר מַאכְט זֵייא
יַרְשְׁנְ׳ן אַ שְׁטוּהְל פוּן כָּבוֹד, וָוארִין צוּ
גָאט גֶעהֶערֶען דִיא גְרוּנְדְפֶעסְטֶען פוּן
דֶער עֶרְד, אוּנְד אוֹיף זֵייא הָאט עֶר
גֶעטְהוּן דִיא וֶועלְט׃
9 עֶר טְהוּט הִיטֶען דִיא פִיס פוּן זֵיינֶע
חֲסִידִים, אָבֶּער דִיא רְשָׁעִים וֶוערֶען אִין
דֶער פִינְסְטֶערְנִיס פֶערְטִילְגְט; וָוארִין
נִיט דוּרְךְ כֹּחַ קֶען זִיךְ אַ מַאן שְׁטַארְקֶען׃
10 גָאט וֶועט פֶערְשְׁנֵיידֶען דִיא וָואס
קְרִיגֶען זִיךְ מִיט אִיהְם, עֶר וֶועט אִיבֶּער
זֵייא דָאנֶערֶען אִים הִימֶעל, גָאט וֶועט
מִשְׁפָּטֶען דִיא עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד,
אוּנְד עֶר וֶועט גֶעבֶּען שְׁטַארְקְהֵייט צוּ
זֵיין מֶלֶךְ, אוּנְד עֶר וֶועט דֶערְהֵייבֶּען
דָאס הָארְן פוּן זֵיין מָשִׁיחַ׃
11 אוּנְד אֶלְקָנָה אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ
רָמָה צוּ זֵיין הוֹיז; אוּנְד דֶער יוּנְג אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ מְשָׁרֵת צוּ גָאט פַאר עֵלִי
הַכֹּהֵן׃
12 אָבֶּער דִיא קִינְדֶער פוּן עֵלִי זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען שְׁלֶעכְטֶע קִינְדֶער, זֵייא הָאבֶּען
נִיט גֶעקֶענְט גָאט׃

אוּנְד

13 אוּנְד דָאס רֶעכְט פוּן דִיא כֹּהֲנִים
מִיט דֶעם פָאלְק אִיז גֶעוֶועזֶען, אַז
אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען
קָרְבָּנוֹת—אַזוֹי אִיז דֶער יוּנְג פוּן דֶעם
כֹּהֵן גֶעקוּמֶען, וֶוען דָאס פְלֵייש הָאט
גֶעקָאכְט, מִיט אַ דְרֵייא שְׁפִּיצִיגֶען
גָאבֶּעל אִין זֵיינֶע הַאנְד:
14 אוּנְד הָאט אַרֵיינְגֶעשְׁטָאכֶען אִין
דֶעם קָאכְ־בֶּעקֶען אָדֶער טִיגֶעל, אָדֶער
קֶעסֶעל, אָדֶער אִין דֶעם טָאפּ, אַלֶעס
וָואס אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם
גָאבֶּעל הָאט זִיךְ דֶער כֹּהֵן גֶענוּמֶען,
אַזוֹי פְלֶעגֶען זֵייא צוּ טְהוּן צוּ גַאנְץ
יִשְׂרָאֵל וָואס זֶענֶען דָארְטֶען אַהִינְגֶע־
קוּמֶען אִין שִׁלוֹה:
15 אוֹיךְ אֵיידֶער מֶען הָאט גֶערֵייכֶערְט
דָאס חֵלֶב אִיז דֶער יוּנְג פוּן דֶעם כֹּהֵן
גֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דֶעם מַאן וָואס הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען,
גִיבּ פְלֵייש צוּ בְּרָאטֶען פַאר דֶעם כֹּהֵן,
עֶר וִויל נִיט פוּן דִיר נֶעמֶען גֶעקָאכְטֶעס
פְלֵייש נֵייעֶרְט רוֹיא (פְלֵייש):
16 אוּנְד וֶוען דֶער מַאן הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, לָאז מֶען הַיינְט פְרִיהֶער
רֵייכֶערְן דָאס חֵלֶב, אוּנְד דֶערְנָאךְ נֶעם
דִיר וָואס דוּא גְלִיסְט, אַזוֹי הָאט עֶר
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, נֵיין, נֵייעֶרְט דוּא
מוּסְט יֶעצְט גֶעבֶּען, אוּנְד וֶוען נִיט אַזוֹי
וֶועל אִיךְ עֶס נֶעמֶען מִיט גֶעוַואלְד:
17 אוּנְד דִיא זִינְד פוּן דִיא יוּנְגֶען אִיז
גֶעוֶועזֶען זֶעהְר גְרוֹיס פַאר גָאט, וָוארִין
דִיא מֶענֶער הָאבֶּען פֶערַאכְטֶעט דָאס
שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער פוּן גָאט:
18 אוּנְד שְׁמוּאֵל אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מְשָׁרֵת
פַאר גָאט, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען יוּנְג אוּנְד
אָנְגֶעגַארְטֶעלְט מִיט אַן אֵפוֹד פוּן לֵיינֶען:
19 אוּנְד זֵיינֶע מוּטֶער הָאט אִיהְם
גֶעמַאכְט אַ קְלֵיינֶעם אָבֶּערְרָאק, אוּנְד
זִיא הָאט עֶס צוּ אִיהְם אַלֶע יָאהְר
אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט וֶוען זִיא אִיז אַרוֹיפְגֶ־
גֶעקוּמֶען מִיט אִיהְר מַאן מַקְרִיב צוּ
זֵיין דָאס יֶעהְרְלִיכֶע קָרְבָּן:
20 אַזוֹי הָאט עֵלִי גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם
אֶלְקָנָה אוּנְד זֵיין ווייבּ, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, גָאט זָאל דִיר גֶעבֶּען קִינְדֶער
פוּן דֶער דָאזִיגֶער פְרוֹיא, אַנְשְׁטַאט
דֶעם וָואס דוּא הָאסְט עֶנְטְלִיהֶען (אָדֶער
וֶועלְכֶען) דוּא הָאסְט אוֹיסְגֶעבֶּעטֶען פוּן
גָאט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען צוּ
זֵייעֶר אָרְט:
21 וָוארִין גָאט הָאט גֶעדַאכְט אַן חַנָּה,
אוּנְד זִיא אִיז טְרָאגֶערִיג גֶעוָוארֶען,
אוּנְד זִיא הָאט גֶעווינֶען דְרֵייא זִיהְן
אוּנְד צְווייא טֶעכְטֶער, אוּנְד דֶער יוּנְג
שְׁמוּאֵל אִיז אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען בֵּייא גָאט:
22 אוּנְד עֵלִי אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהְר אַלְט,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֶערְט אַלֶעס וָואס
זֵיינֶע זִיהְן הָאבֶּען גֶעטְהוּן צוּ גַאנְץ
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד וִויא זֵייא זֶענֶען גֶעלֶעגֶען
מִיט דִיא ווייבֶּער וָואס הָאבֶּען זִיךְ
פֶערְזַאמֶעלְט בֵּייא דֶער טְהִיר פוּן דֶעם
אֹהֶל מוֹעֵד:
23 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
פַארְוָואס טְהוּט אִיהְר אַ זָאלְכֶע זַאכֶען?
וָוארִין אִיךְ הֶער פוּן אֵיירֶע שְׁלֶעכְטֶע
זַאכֶען פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גַאנְצֶען פָאלְק:
24 נֵיין, מֵיינֶע זִיהְן! דִיא הֶערוּנְג
וָואס אִיךְ הֶער אִיז נִיט גוּט, אִיהְר
מַאכְט גָאטֶעס פָאלְק זִינְדִיגֶען:
25 וֶוען אֵיין מֶענְשׁ זִינְדִיגְט קֶעגֶען
אֵיין אַנְדֶערְן אַזוֹי מִשְׁפָּט אִיהְם דֶער
דַיָּן, אָבֶּער וֶוען אַ מֶענְשׁ זִינְדִיגְט
קֶעגֶען גָאט, וֶוער קֶען פַאר אִיהְם
בֶּעטֶען? אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט

הֶערֶען צוּ דֶער שְׁטִים פוּן זֵייעֶר פָאטֶער, וַוייל גָאט הָאט זֵייא גֶעוָואלְט טֵייטֶען׃

26 אוּנְד דֶער יוּנְג שְׁמוּאֵל אִיז אָנְגֶענַאנְגֶען אוּנְד גְרוֹיס גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיז גוּט גֶעוֶועזֶען בֵּייא גָאט אוּנְד אוֹיךְ בֵּייא מֶענְשֶׁען׃

27 אוּנְד עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אַ גֶעטְלִיכֶער מַאן צוּ עֵלִי, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאגְט גָאט,–בִּין אִיךְ נִיט בֶּעשֵׁיינְפֶּערְלִיךְ עֶנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען צוּ דֵיין פָאטֶערְ'ס הוֹיז וֶוען זֵייא זֶענֶען נָאךְ גֶעוֶועזֶען אִין מִצְרַיִם אִין פַּרְעֹה'ס הוֹיז?

28 אוּנְד הָאבּ אִיךְ אִיהְם נִיט אוֹיסְדֶערְוֵוייְלְט פוּן אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל אַז עֶר זָאל זֵיין צוּ מִיר אַ כֹּהֵן מַקְרִיב צוּ זֵיין אוֹיף מֵיין מִזְבֵּחַ אוּנְד צוּ דַאמְפְּפֶען רֵייכֶערְוֶוערְק, אוּנְד צוּ טְרָאגֶען דֶעם אֵפוֹד פַאר מִיר? אוּנְד הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעגֶעבֶּען צוּ דֵיין פָאטֶערְ'ס הוֹיזְגֶעזִינְד אַלֶע פֵייעֶרְ־אָפְּפֶער פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל?

29 פַארְוָואס טְרֶעט אִיהְר (מִיט דִיא פִיס) מֵיינֶע זְבָחִים אוּנְד מְנָחוֹת וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבָּאטֶען אִין מֵיינֶע וְואוֹינוּנְג; אוּנְד דוּא הַאלְסְט דֵיינֶע זִיהְן מֶעהְר בְּכָבוֹד וִויא מִיךְ, דָאס אִיהְר מַאכְט אֵייךְ צוּפֶעטְ פֶעט פוּן אַלֶע שְׁפֵּייזְאָפְּפֶער פוּן מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל?

30 דַארוּם זָאגְט יְהֹוָה דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיךְ הָאבּ טַאקִי גֶעמֵיינְט אַז דֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דֵיין פָאטֶער וֶועלֶען פַאר מִיר גֵיין (ד.ה. מִיךְ בֶּעדִינֶען) אוֹיף אֵייבִּיג, אָבֶּער אַצוּנְד זָאגְט גָאט, חָלִילָה צוּ מִיר, נֵייעֶרְט דִיא וָואס עֶהְרֶען מִיךְ וֶועל אִיךְ עֶהְרֶען אָבֶּער דִיא וָואס פֶערְשֶׁעמֶען מִיךְ דִיא זָאלֶען לֵייכְט גֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען׃

31 זֶעה, דִיא טֶעג וֶועלֶען קוּמֶען דָאס אִיךְ וֶועל פֶערְשְׁנֵיידֶען דֵיין זָאמֶען אוּנְד דֶעם זָאמֶען פוּן דֵיין פָאטֶערְ'ס הוֹיז אַז עֶס וֶועט נִיט זֵיין קֵיין אַלְטֶער מַאן אִין דֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד׃

32 אוּנְד דוּא וֶועסְט אָנְקוּקֶען דֶעם בֶּעלֵיידִיגֶער אִין מֵיינֶע וְואוֹינוּנְג אִין אַלֶעם גוּטֶען וָואס וֶועט גֶעטְהוּן וֶוערֶען צוּ יִשְׂרָאֵל, אָבֶּער עֶס וֶועט קֵיינְמָאל נִיט זֵיין אֵיין אַלְטֶער מַאן אִין דֵיין הוֹיז׃

33 אוּנְד דֶער מַאן וָואס אִיךְ וֶועל נִיט פֶערְטִילְגֶען צוּ דִיר פוּן מֵיין מִזְבֵּחַ, צוּ פֶערְשְׁמַאכְטֶען דֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד דֵיינֶע זֶעלֶע טְרוֹירִיג צוּ מַאכֶען, אוּנְד אַלֶעם אָנְגֶעוַואקְסֶענֶע פוּן דֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד וֶועלֶען שְׁטַארְבֶּען (יוּנְגֶע) מֶענֶער׃

34 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע וֶועט צוּ דִיר זֵיין אַ צֵייכֶען, דָאס וָואס וֶועט אָנְקוּמֶען צוּ דֵיינֶע צְוֵוייא זִיהְן, צוּ חָפְנִי אוּנְד פִּנְחָס, זֵייא וֶועלֶען בֵּיידֶע שְׁטַארְבֶּען אִין אֵיין טָאג׃

35 אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיר אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אַ גֶעטְרֵייעֶן כֹּהֵן, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז אִין מֵיין הַאַרְץ אוּנְד נָאךְ מֵיין וִוילֶען וֶועט עֶר טְהוּן, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם אוֹיפְבּוֹיעֶן אַ גֶעטְרֵייעֶס הוֹיז, אוּנְד עֶר וֶועט גֵיין פַאר מֵיין גֶעזַאלְבְּטֶען (מָשִׁיחַ) אַלֶע טֶעג׃

36 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אַז אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען אִין דֵיין הוֹיז, זָאל קוּמֶען זִיךְ צוּ בִּיקֶען צוּ אִיהְם (אוּנְד זִיךְ פֶערְדִינְגֶען) פַאר אַ שְׁטִיק זִילְבֶּער אוּנְד פַאר אַ שְׁטִיק בְּרוֹיט,

אוּנְד וֶועט זָאגֶען, אִיךְ בֶּעט דִיךְ בֶּער־
הֶעפְּט מִיךְ דָאךְ צוּ אֵיינֶעם פוּן דִיא
כְּהֻנוֹת, אַז אִיךְ זָאל הָאבֶּען צוּ עֶסֶען
אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט :

## קאפּיטעל ג

1 אוּנְד דֶער יוּנְג שְׁמוּאֵל אִיז גֶעוֶועזֶען
אַ מְשָׁרֵת צוּ גָאט פַאר עֵלִי, אוּנְד דָאס
וָוארְט פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען (גַאנְץ)
טֵייעֶר אִין דִיזֶעלְבִּיגֶע טֶעג, עֶס אִיז
נִיט פֶערְהַאנְדֶען גֶעוֶועזֶען קֵיינֶע אָפֶענֶע
נְבִיאוּת :

2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַן דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען טָאג, אַז עֵלִי אִיז גֶעלֶעגֶען
אוֹיף זַיין אָרְט, אוּנְד זַיינֶע אוֹיגֶען
הָאבֶּען שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען טוּנְקֶעל צוּ
וֶוערֶען אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט
זֶעהֶען :

3 אוּנְד אֵיידֶער דָאס לִיכְט פוּן גָאט
אִיז גֶעוָוארֶען אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען, אוּנְד
שְׁמוּאֵל הָאט זִיךְ גֶעלֵיינְט אִין דֶעם
הֵיכַל פוּן גָאט, דָארְט אַוְואוּ דֶער אָרוֹן
פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען :

4 אַזוֹי הָאט גָאט גֶערוּפֶען צוּ שְׁמוּאֵל,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הִיעֶר בִּין אִיךְ !

5 אוּנְד עֶר אִיז אַהִינְגֶעלָאפֶען צוּ עֵלִי
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הִיעֶר בִּין אִיךְ,
וָוארִין דוּא הָאסְט מִיךְ גֶערוּפֶען, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ דִיךְ נִיט
גֶערוּפֶען, גֵייא צוּרִיק אוּנְד לֵייג דִיךְ ;
אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ
גֶעלֵייגְט :

6 אוּנְד גָאט הָאט שְׁמוּאֵל נָאךְ אַ
מָאל גֶערוּפֶען, אוּנְד שְׁמוּאֵל אִיז אוֹיפְּ־
גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען צוּ
עֵלִי, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הִיעֶר בִּין
אִיךְ, וָוארִין דוּא הָאסְט מִיךְ גֶערוּפֶען ;
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ הָאבּ דִיךְ
נִיט גֶערוּפֶען, מֵיין זוּהְן, קֶעהְר צוּרִיק
אוּנְד לֵייג דִיךְ :

7 דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיידֶער שְׁמוּאֵל
הָאט גֶעקֶענְט גָאט, אוּנְד אֵיידֶער דָאס
וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ אִיהְם אַנְטְפְּלֶעקְט
גֶעוָוארֶען :

8 אוּנְד גָאט הָאט גֶעמֶעהְרְט שְׁמוּאֵל
צוּ רוּפֶען דָאס דְרִיטֶע מָאל, אוּנְד עֶר
אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז אַהִינְ־
גֶעגַאנְגֶען צוּ עֵלִי, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זָאגְט, הִיעֶר בִּין אִיךְ, וָוארִין דוּא הָאסְט
מִיךְ גֶערוּפֶען ; אַזוֹי הָאט עֵלִי פֶערְ־
שְׁטַאנֶען אַז גָאט הָאט גֶערוּפֶען צוּ
דֶעם יוּנְגֶע :

9 אוּנְד עֵלִי הָאט גֶעזָאגְט צוּ שְׁמוּאֵל,
גֵייא אוּנְד לֵייג דִיךְ אַנִידֶער, אוּנְד עֶס
וֶועט זַיין אַז עֶר וֶועט דִיךְ (ווִידֶער)
רוּפֶען אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זָאגֶען, רֶעד אָ
יְהוָֹה, וָוארִין דֵיין קְנֶעכְט הֶערְט ; אַזוֹי
אִיז שְׁמוּאֵל גֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט
זִיךְ אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט אוֹיף זַיין אָרְט :

10 אוּנְד יְהוָֹה אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט
זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען
אַזוֹי וִויא דִיא אַנְדֶערֶע מָאל, שְׁמוּאֵל,
שְׁמוּאֵל ! אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט,
רֶעד, וָוארִין דֵיין קְנֶעכְט הֶערְט :

11 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ שְׁמוּאֵל,
זֶעה אִיךְ טְהוּא אַ זַאךְ אִין יִשְׂרָאֵל, אַז
אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט עֶס הֶערֶען דֶעם
וֶועלֶען זַיינֶע בֵּיידֶע אוֹירֶען קְלִינְגֶען :

12 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועל אִיךְ
לָאזֶען מְקוּיָם וֶוערֶען צוּ עֵלִי אַלֶעס
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט וֶועגֶען זַיין
הוֹיזְגֶעזִינְד, אִיךְ וֶועל עֶס אָנְהֵייבֶּען
אוּנְד פֶערְלֶענְדֶען :

13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס אִיהְם שׁוֹין
גֶעלָאזְט זָאגֶען, אַז אִיךְ וֶועל מְשַׁפֵּטְן


זיין

זיין הויזגעזינד אויף אייביג װעגען דער זינד װאס ער האט געוואוסט, װייל זיינע זיהן האבען זיך אליין פער־שאלטען, אונד ער האט זייא ניט אפגעהאלטען׃

14 אונד דארום האב איך געשוואָרען צו דעם הויזגעזינד פון עלי אז דיא זינד פון דעם הויזגעזינד פון עלי זאל ניט פערגעבען װערען דורך שלאכט־אפפער אדער שפייז־אפפער אויף אייביג׃

15 אונד שמואל איז געלעגען ביז צו דעם פריה מארגען, אונד ער האט אויפגעמאכט דיא טהירען פון דעם הויז פון גאט, אונד שמואל האט מורא געהאט צו זאגען דאס געזיכט צו עלי׃

16 אונד עלי האט גערופען שמואל, אונד ער האט געזאגט, שמואל מיין זוהן! אונד ער האט געזאגט, היער בין איך׃

17 אונד ער האט געזאגט, װאס איז דיא זאך װאס ער האט צו דיר גערעט? איך בעט דיך דוא זאלסט עס ניט פון מיר בעהאלטען, גאט זאל צו דיר אזוי טהון אונד נאך מעהר װען דוא װעסט פון מיר בעהאלטען א װארט פון אלע זאכען װאס ער האט צו דיר גערעט׃

18 אונד שמואל האט צו איהם געזאגט אלע זאכען, אונד ער האט גאר ניט פון איהם בעהאלטען; אונד ער האט געזאגט, עס איז יהוה, לאז ער טהון דאס װאס איז גוט אין זיינע אויגען׃

19 אונד שמואל איז אויפגעוואקסען, אונד גאט איז מיט איהם געװעזען, אונד ער האט ניט געלאזט פון אלע זיינע װערטער פאלען אויף דער ערד׃

20 אונד גאנץ ישראל פון דן ביז באר שבע האט געוואוסט אז שמואל איז אנגעשטעלט געװעזען אלס א טרייער נביא צו גאט׃

21 אונד גאט האט זיך נאך א מאל בעוויזען אין שלוה, װארין גאט האט זיך ענטפלעקט צו שמואל אין שלוה דורך דעם װארט פון גאט׃

## קאפיטעל ד

1 אונד דאס װארט פון שמואל איז געװעזען (איז מקוים געוואָרען) צו גאנץ ישראל; אונד ישראל איז ארויס־געגאנגען ענטקעגען דיא פלשתים מלחמה צו האלטען, אונד זייא האבען זיך געלאגערט בייא אבן העזר, אונד דיא פלשתים האבען זיך געלאגערט בייא אפק׃

2 אונד דיא פלשתים האבען זיך צובערייטעט קעגען ישראל, אונד דיא מלחמה האט זיך פערשפרייט, אונד ישראל איז געשלאגען געוואָרען פאר דיא פלשתים, אונד זייא האבען גע־שלאגען אין דער מלחמה אויף דעם פעלד אן ערך פון פיער טויזענד מאן׃

3 אונד דאס פאלק איז געקומען צו דער מחנה, אונד דיא עלצטע פון ישראל האבען געזאגט, װארום האט אונס גאט היינטע געשלאגען פאר דיא פלשתים? לאמיר אונס נעמען אויס שלוה דעם ארון פון דעם ברית פון גאט, װען ער װעט צווישען אונס קומען אזוי װעט ער אונס העלפען פון דער האנד פון אונזערע פיינד׃

4 אונד דאס פאלק האט אהינגעשיקט נאך שלוה, אונד זייא האבען פון דארטען אוועקגעטראגען דעם ארון ברית פון יהוה צבאות, װאס װאוינט צווישען דיא כרבים, אונד דארטען

זָענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם אָרוֹן בְּרִית פוּן גָאט דִיא צְווייא זִיהְן פוּן עֵלִי, חָפְנִי אוּנְד פִּנְחָס׃

5 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען מֶען הָאט אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט דֶעם אָרוֹן בְּרִית פוּן יְהוָֹה צוּ דֶער מַחֲנֶה, אַזוֹי הָאט גַאנְץ יִשְׂרָאֵל גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ גְרוֹיס גֶעשְׁרֵייא, דָאס דִיא עֶרְד הָאט דַאפוּן גֶעצִיטֶערְט׃

6 אוּנְד וֶוען דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן דֶעם גֶעשְׁרֵייא, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דָאס קוֹל פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גְרוֹיסֶען גֶעשְׁרֵייא אִין דֶער מַחֲנֶה פוּן דִיא עִבְרִים? וָוארִין זֵייא זָענֶען גֶעוָואר גֶעוָוארֶען אַז דֶער אָרוֹן פוּן יְהוָֹה אִיז אִין דֶער מַחֲנֶה אַרֵיינְגֶעקוּמֶען׃

7 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז גָאט אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צוּ דֶער מַחֲנֶה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, ווייא אִיז צוּ אוּנְס! וָוארִין אַ זָאלְכֶעס אִיז נָאךְ קֵיינְמָאל נִיט גֶעוֶועזֶען׃

8 ווייא אִיז צוּ אוּנְס! וֶוער וֶועט אוּנְס מַצִיל זֵיין פוּן דִיא הַאנְד פוּן דִיא דָאזִיגֶע שְׁטַארְקֶע גֶעטֶער? דָאס זָענֶען דִיא דָאזִיגֶע גֶעטֶער וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען מִצְרַיִם מִיט אַלֶע מַכּוֹת אִין דֶער מִדְבָּר׃

9 שְׁטַארְקְט אֵייךְ, אוּנְד זֵייט מֶענֶער, אוֹי אִיהְר פְּלִשְׁתִּים, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט וֶוערֶען קְנֶעכְט צוּ דִיא עִבְרִים, אַזוֹי וִויא זֵייא הָאבֶּען אֵייךְ גֶעדִינְט, דַארוּם זֵייט מֶענֶער, אוּנְד הַאלְט מִלְחָמָה מִיט זֵייא!

10 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען, אוּנְד יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶער אִיז אֶנְטְלָאפֶען צוּ זֵיין גֶעצֶעלְט, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶער שְׁלַאק, אוּנְד עֶס אִיז גֶעפַאלֶען פוּן יִשְׂרָאֵל דְרֵייסִיג טוֹיזֶענְד פוּס-גֵייעֶרְס׃

11 אוּנְד דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אִיז אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא צְווייא זִיהְן פוּן עֵלִי, חָפְנִי אוּנְד פִּינְחָס זָענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען׃

12 אוּנְד אַ מַאן פוּן בִּנְיָמִן אִיז אַוֶועקְגֶעלָאפֶען פוּן דֶער מִלְחָמָה אוּנְד עֶר אִיז דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעקוּמֶען נָאךְ שִׁלוֹה, מִיט זֵיינֶע קְלֵיידֶער צֶערִיסֶען, אוּנְד מִיט עֶרְד אוֹיף זֵיין קָאפּ׃

13 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען עֵלִי זִיצֶען אוֹיף אַ שְׁטוּהְל אוֹיף דֶער זֵייט פוּן דֶעם וֶועג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעוַואכְט, וָוארִין זֵיין הַארְץ הָאט גֶעצִיטֶערְט וֶועגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, אוּנְד וֶוען דֶער מַאן אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דָאס צוּ זָאגֶען אִין דֶער שְׁטָאט אַזוֹי הָאט דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט גֶעשְׁרִיגֶען׃

14 אוּנְד וֶוען עֵלִי הָאט גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן דֶעם גֶעשְׁרֵייא, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דָאס קוֹל פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גֶעטִימֶעל? אוּנְד דֶער מַאן הָאט זִיךְ גֶעאֵיילְט אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעזָאגְט צוּ עֵלִי׃

15 אוּנְד עֵלִי אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען אַכְט אוּנְד נֵיינְצִיג יָאהְר, אוּנְד זֵיינֶע אוֹיגֶען זָענֶען שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט זֶעהֶען׃

16 אוּנְד דֶער מַאן הָאט גֶעזָאגְט צוּ עֵלִי, אִיךְ בִּין דֶער וָואס אִיז גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם מִלְחָמָה פֶעלְד, אוּנְד אִיךְ בִּין הֵיינְט אֶנְטְלָאפֶען פוּן דֶער מִלְחָמָה,

אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דִיא
זַאךְ, מֵיין זוּהְן ?
17 אוּנְד דָער מְבַשֵׂר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, יִשְׂרָאֵל אִיז עֶנְטְ־
לָאפֶען גֶעוָוארֶען פוּן פַאר דִיא פְּלִשְׁתִּים,
אוּנְד עֶס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶער
שְׁלַאק אוּנְטֶער דֶעם פָאלְק, אוּנְד אוֹיךְ
דֵיינֶע צְוֵויא זִיהְן, חָפְנִי אוּנְד פִּינְחָס
זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד דֶער אָרוֹן
פוּן גָאט אִיז אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען :
18 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז וֶוען עֶר
הָאט דֶערְמַאנְט דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט
אַזוֹי אִיז עֶר הִינְטֶער זִיךְ אַרוּפְּגֶעפַאלֶען
פוּן דֶעם שְׁטוּהְל, בֵּייא דֶער זֵייט פוּן
דֶעם טָהאר, אוּנְד עֶר הָאט זֵיין גֶענִיק
צֶערבְּרָאכֶען אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
וָוארִין עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַיין אַלְטֶער
מַאן אוּנְד שְׁוֶוער ; אוּנְד עֶר הָאט
יִשְׂרָאֵל גֶעמִשְׁפָּט פֶערְצִיג יָאהְר :
19 אוּנְד זֵיינֶע שְׁנוּר, דָאס ווייב פוּן
פִּינְחָס אִיז טְרָאגֶעדִיג גֶעוֶועזֶען נָאהֶענְט
צוּ גֶעהַיינֶען, אוּנְד וֶוען זִיא הָאט גֶע־
הֶערְט דִיא הֶערוּנְג אַז דֶער אָרוֹן פוּן
גָאט אִיז אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד
אַז אִיהְר שְׁוֶועהְר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען
אוּנְד (אוֹיךְ) אִיהְר מַאן, אַזוֹי הָאט זִיא
אַנִידֶערְגֶעקְנִיעֶט אוּנְד הָאט גֶעהַיינֶען,
וַוייל אִיהְרֶע גֶעבֶּער שְׁמֶערְצֶען הָאבֶּען
זִיךְ אִיבֶּער אִיהְר פֶערְקֶעהְרְט :
20 אוּנְד אִין דֶער צֵייט וֶוען זִיא אִיז
אָפְּגֶעשְׁטָארְבֶּען הָאבֶּען דִיא וָואס זֶענֶען
בֵּייא אִיהְר גֶעשְׁטַאנֶען צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
פָארְכְט דִיךְ נִיט וָוארִין דוּא הָאסְט
גֶעוְואוּנֶען אַ זוּהְן, אָבֶּער זִיא הָאט נִיט
גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד זִיא הָאט עֶס אוֹיךְ
נִיט צוּ הֶערְצֶען גֶענוּמֶען :
21 אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען דֶעם יוּנְג
אִי כָּבוֹד, אוּם צוּ זָאגֶען אַז דֶער כָּבוֹד
אִיז פֶערְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען פוּן יִשְׂרָאֵל,
וֶועגֶען דֶעם וָואס דֶער אָרוֹן פוּן גָאט
אִיז אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד
וֶועגֶען אִיהְר שְׁוֶועהְר אוּנְד אִיהְר מַאן :
22 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, דֶער כָּבוֹד
אִיז פֶערְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען פוּן יִשְׂרָאֵל
וָוארִין דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אִיז אַוֶועקְ־
גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען :

## קאפיטעל ה

1 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶענוּמֶען
דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְן גֶעבְּרַאכְט פוּן אֶבֶן הָעֶזֶר נָאךְ
אַשְׁדּוֹד :
2 אוּנְד וֶוען דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען
גֶענוּמֶען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא אִיהְם אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין
דֶעם הויז פוּן זֵייעֶר אָפְּגָאט דָגוֹן, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁטֶעלְט גֶעבֶּען
דָגוֹן :
3 אוּנְד וֶוען דִיא אַשְׁדּוֹדִים זֶענֶען אִין
דֶער פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אַזוֹי הָאבֶּען
זֵייא גֶעזֶעהֶען אַז דָגוֹן אִיז אַנִידֶערְ־
גֶעפַאלֶען מִיט זֵיין פָּנִים אוֹיף דֶער
עֶרְד, פַאר דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען דָגוֹן גֶענוּמֶען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם צוּרִיק גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף
זֵיין אָרְט :
4 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען אַן דֶעם
אַנְדֶערְן מָארְגֶען פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
זֶעה, אַזוֹי אִיז דָגוֹן אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען
מִיט זֵיין פָּנִים אוֹיף דֶער עֶרְד פַאר
דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, אוּנְד דֶער קָאפּ
פוּן דָגוֹן אוּנְד זֵיינֶע בֵּיידֶע הֶענְד וַוארֶען
אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען אוֹיף דֶער שְׁוֶועל, בְּלוֹיס
דֶער פִּישׁ־טֵייל פוּן דָגוֹן אִיז אִיהְם
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען :


דאריבער

5 דַארִיבֶּער טְרֶעטֶען נִיט דִיא כֹּהֲנִים פוּן דָגוֹן, אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס קוּמְט אַרַיין אִין דֶעם הויז פוּן דָגוֹן, אוֹיף דֶער שְׁוֶועל פוּן דָגוֹן וָואס אִיז אִין אַשְׁדוֹד בִּיז צוּ דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג:

6 אוּנְד דִיא הַאנְד פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁוֶוער אוֹיף דִיא לֵייט פוּן אַשְׁדוֹד, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פֶּערְווִיסְט, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען מִיט פֵּייכְטֶע בְּלָאטֶערְן, אִין אַשְׁדוֹד אוּנְד אִיהְרֶע גְרֶענִיצֶען:

7 אוּנְד וֶוען דִיא לֵייט פוּן אַשְׁדוֹד הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז עֶס אִיז אַזוֹי, הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער אָרוֹן פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל זָאל נִיט בְּלֵייבֶּען מִיט אוּנְס, וָוארִין זַיינֶע הַאנְד אִיז הַארְט אוֹיף אוּנְס, אוּנְד אוֹיף דָגוֹן אוּנְזֶער גָאט:

8 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אַהִינְגֶעשִׁיקְט אוּנְד צוּ זִיךְ פֶּערְזַאמֶעלְט אַלֶע הַארֶען פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן מִיט דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, לָאז דֶער אָרוֹן פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אַרוּמְגֶעטְרָאגֶען וֶוערֶען נָאךְ גַת; אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אַרוּמְגֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל:

9 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז נָאכְדֶעם זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַרוּמְגֶעטְרָאגֶען, אַזוֹי אִיז דִיא הַאנְד פוּן גָאט גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען דֶער שְׁטָאט, מִיט אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶע פֶּערְטִימְלוּנְג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דִיא לֵייט פוּן דֶער שְׁטָאט פוּן גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין, אוּנְד דִיא פֵּייכְטֶע בְּלָאטֶערְן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף זֵייא אִין פֶּערְבָּארְגֶענֶע עֶרְטֶער:

10 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט נָאךְ עֶקְרוֹן, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אִין עֶקְרוֹן, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא לֵייט פוּן עֶקְרוֹן גֶעשְׁרִיגֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֵייא הָאבֶּען אַרוּמְגֶעטְרָאגֶען צוּ מִיר דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּם מִיךְ אוּנְד מֵיין פָאלְק צוּ טֵייטֶען:

11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַהִינְגֶעשִׁיקְט אוּנְד פֶּערְזַאמֶעלְט אַלֶע הַארֶען פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, שִׁיקְט אַוֶועק דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד לָאז עֶר צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ זַיין אָרְט, אַז אִיךְ זָאל נִיט גֶעטֵייט וֶוערֶען מִיט מֵיין פָאלְק, וָוארִין עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ פֶּערְטִימְלוּנְג פוּן טוֹיט אִין דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאט, דִיא הַאנְד פוּן גָאט אִיז דָארְטֶען זֶעהְר שְׁוֶוער גֶעוֶועזֶען:

12 אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען, זֶענֶען גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען מִיט פֵּייכְטֶע בְּלָאטֶערְן, אוּנְד דָאס גֶעשְׁרַייא פוּן דֶער שְׁטָאט אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען בִּיז צוּ דֶעם הִימֶעל:

## קאפיטעל ו

1 אוּנְד דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם פֶעלְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים זִיבֶּען חֳדָשִׁים:

2 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶערוּפֶען (זֵייעֶרֶע) כֹּהֲנִים אוּנְד כִּישׁוּף מַאכֶערְס, אוּנְד גֶעזָאגְט, וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן צוּ דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט? לָאזְט אוּנְס צוּ וִויסֶען מִיט וָואס מִיר זָאלֶען אִיהְם אָפְּשִׁיקֶען צוּ זַיין אָרְט:

3 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר ווִילְט אָפְּשִׁיקֶען דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אַזוֹי זָאלְט אִיהְר

אִיהם נִיט לֵייִדִיג אָפְּשִׁיקֶען, גֵייעֶרְט אִיהְר זָאלְט מִיט אִיהְם גֶעוִויס צוּרִיק קֶעהְרֶען אֵיין קָרְבָּן אָשָׁם, דֶענְסְטְמָאל װֶעט אִיהְר גֶעהֵיילְט װֶערֶען, אוּנְד עֶס װֶעט צוּ אֵייךְ בֶּקַאנְט גֶעמַאכְט װֶערֶען פַאר װָאס זֵיינֶע הַאנְד אִיז נִיט פוּן אֵייךְ אָפְּגֶעטְהוּן:

4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, װָאס זָאל זֵיין דֶער קָרְבָּן אָשָׁם אַז מִיר זָאלֶען צוּ אִיהְם אוּמְקֶעהְרֶען? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, פִינְף גָאלְדֶענֶע בֵּיילֶען אוּנְד פִינְף גָאלְדֶענֶע מֵייז נָאךְ דֶער צָאהְל פוּן דִיא הַארֶען פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, װָארִין אֵיינֶערְלֵייא מַגֵּפָה אִיז גֶעװֶעזֶען צוּ אֵייךְ אַלֶע אוּנְד צוּ אֵיירֶע הַארֶען:

5 אוּנְד אִיהְר זָאלְט מַאכֶען בִּילְדֶער־פוּרְמֶען פוּן דִיא פֵּייכְטֶע בֵּיילֶען אוּנְד בִּילְדֶער־פוּרְמֶען פוּן אֵיירֶע מֵייז װָאס הָאבֶּען פֶערְדָארְבֶּען דָאס לַאנְד, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא גֶעבֶּען מִיט כָּבוֹד צוּ דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, טָאמֶער װֶעט עֶר גְרִינְג מַאכֶען זֵיינֶע הַאנְד פוּן אָפּ אֵייךְ אוּנְד פוּן אֵיירֶע גֶעטֶער, אוּנְד פוּן אֵייעֶר לַאנְד:

6 אוּנְד פַאר װָאס זָאלְט אִיהְר אֵיירֶע הֶערְצֶער אַזוֹי פֶערְהַארְטֶען װִיא דִיא מִצְרַיִם אוּנְד פַּרְעֹה הָאבֶּען זֵיירֶע הֶערְצֶער פֶערְהַארְטֶעט? אִיז עֶס נִיט גֶעװֶעזֶען אַז נָאכְדֶעם עֶר הָאט אַן זֵייא גֶעטְהוּן װאוּנְדֶערְלִיךְ דָאס זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַװֶעקְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען?

7 אוּנְד אַצוּנְד נֶעמְט אוּנְד מַאכְט אַ נֵייעֶן װָאגֶען, אוּנְד צְװֵייא יוּנְגֶע זֵייגֶענְדֶע קִיה, אוֹיף װֶעלְכֶע עֶס אִיז נָאךְ קֵיינְ־מָאל נִיט גֶעװֶעזֶען אַ יָאךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵיינְשְׁפַּאנֶען דִיא קִיה אִין דֶעם װָאגֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט דִיא קֶעלְבֶּער הִינְטֶער זֵייא אַהֵיים בְּרֶענְגֶען:

8 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נֶעמֶען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט אוּנְד אִיהְר זָאלְט אִיהְם לֵייגֶען אוֹיף דֶעם װָאגֶען, אוּנְד אַלֶע גָאלְדֶענֶע כֵּלִים װָאס אִיהְר קֶעהְרְט צוּ אִיהְם צוּרִיק אַלְס אַ קָרְבָּן אָשָׁם זָאלְט אִיהְר אַרֵיינְלֵייגֶען אִין אַ קֶעסְטֶעל בֵּייא זֵיינֶע זֵייט, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אִיהְם אַװֶעקְ־שִׁיקֶען אַז עֶר זָאל גֵיין:

9 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֶעהֶען, אוֹיב עֶר װֶעט אַרוֹיפְגֵיין אוֹיף דֶעם װֶעג פוּן זֵיינֶע גְרֶענֶעץ נָאךְ בֵּית שֶׁמֶשׁ, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ אוּנְס גֶעטְהוּן דָאס דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע שְׁלֶעכְטֶע, אוּנְד װֶען נִיט אַזוֹי װֶעלֶען מִיר װִיסֶען אַז זֵיינֶע הַאנְד הָאט אוּנְס נִיט גֶעשְׁלָאגֶען, גֵייעֶרְט עֶס הָאט אוּנְס אַן אוּנְגְלִיק צוּגֶעטְרָאפֶען:

10 אוּנְד דִיא מֶענֶער הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטְהוּן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען צְװֵייא יוּנְגֶע קִיה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אֵיינְגֶעשְׁפַּאנְט אִין דֶעם װָאגֶען, אוּנְד זֵיירֶע קֶעלְבֶּער הָאבֶּען זֵייא אֵיינְ־גֶעשְׁלָאסֶען אִין דֶער הֵיים:

11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט אוֹיף דֶעם װָאגֶען, אוּנְד דָאס קֶעסְטֶעל מִיט דִיא גָאלְדֶענֶע מֵייז אוּנְד דִיא בִּילְדֶער פוּן זֵיירֶע פֵּייכְטֶע בֵּיילֶען:

12 אוּנְד דִיא קִיה זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם גְרַאדֶען װֶעג נָאךְ בֵּית שֶׁמֶשׁ, אוֹיף אֵיין שְׁטֶעג זֶענֶען זֵייא גֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי װִיא זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּרִימְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט צוּר רֶעכְטֶען אָדֶער צוּר לִינְקֶען, אוּנְד דִיא הַארֶען פוּן דִיא

פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען זַייא נָאכְגֶעגַאנְגֶען בִּיז
צוּ דֶער גְרֶענֶעץ פוּן בֵּית שֶׁמֶשׁ ׃
13 אוּנְד דִיא לַייט פוּן בֵּית שֶׁמֶשׁ
הָאבֶּען גֶעשְׁנִיטֶען זַייעֶר ווַייץ אִין דֶעם
טְהָאל, אוּנְד וָוען זַייא הָאבֶּען אוֹיפְ־
גֶעהוֹיבֶּען זַייעֶרֶע אוֹיגֶען אַזוֹי הָאבֶּען
זַייא גֶעזֶעהֶען דֶעם אָרוֹן, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְרֵייט אִיהְם צוּ זֶעהֶען ׃
14 אוּנְד דֶער וָואגֶען אִיז אָנְגֶעקוּמֶען
צוּ דֶעם פֶעלְד פוּן יְהוֹשֻׁעַ פוּן בֵּית
שֶׁמֶשׁ, אוּנְד אִיז דָארְטֶען שְׁטֵיין גֶע־
בְּלִיבֶּען, אוּנְד דָארְט אִיז גֶעוֶועזֶען אַ
גְרוֹיסֶער שְׁטֵיין, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
צוּשְׁפָּאלְטֶען דָאס הָאלְץ פוּן דֶעם
וָואגֶען, אוּנְד דִיא קִיה הָאבֶּען זַייא
מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען אַלְס אַ קָרְבָּן עוֹלָה
צוּ גָאט ׃
15 אוּנְד דִיא לְוִיִּם הָאבֶּען אַרוּפְּגֶענוּמֶען
דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט אוּנְד דָאס קֶעסְטֶעל
וָואס אִיז דַאנֶעבֶּען גֶעוֶועזֶען אִין וֶועלְכֶע
עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא גָאלְדֶענֶע כֵּלִים,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעלֵייגְט אוֹיף
דֶעם גְרוֹיסֶען שְׁטֵיין, אוּנְד דִיא לַייט
פוּן בֵּית שֶׁמֶשׁ הָאבֶּען אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט
קָרְבָּן עוֹלוֹת, אוּנְד גֶעשָׁאכְטֶען זְבָחִים
אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג צוּ גָאט ׃
16 אוּנְד וָוען דִיא פִינְף הַארֶען פוּן
דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען עֶס גֶעזֶעהֶען אַזוֹי
הָאבֶּען זַייא זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ
עֶקְרוֹן אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג ׃
17 אוּנְד דָאס זֶענֶען דִיא גָאלְדֶענֶע
בֵּיילֶען וָואס דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט אַלְס אַ קָרְבָּן אָשָׁם צוּ
גָאט, פַאר אַשְׁדוֹד אֵיינֶע, פַאר עַזָּה
אֵיינֶע, פַאר אַשְׁקְלוֹן אֵיינֶע פַאר גַת,
אֵיינֶע, פַאר עֶקְרוֹן אֵיינֶע ׃
18 אוּנְד דִיא גָאלְדֶענֶע מֵייז זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶער צָאהְל פוּן אַלֶע
שְׁטֶעט פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, פַאר דִיא
פִינְף הַארֶען, פוּן דֶער פֶעסְטֶע שְׁטָאט
אָן בִּיז צוּ דִיא אָפֶענֶע אוּנְפֶערְמוֹיעֶרְטֶע
שְׁטֶעט, אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם גְרוֹיסֶען
שְׁטֵיין אוֹיף וֶועלְכֶען זַייא הָאבֶּען דַארוֹיף
גֶעלֵייגְט דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט ; בִּיז צוּ
דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג (אִיז נָאךְ דֶער
שְׁטֵיין) אִין דֶעם פֶעלְד פוּן יְהוֹשֻׁעַ פוּן
בֵּית שֶׁמֶשׁ ׃
19 אוּנְד עֶר (גָאט) הָאט גֶעשְׁלָאגֶען
אוּנְטֶער דִיא לַייט פוּן בֵּית שֶׁמֶשׁ, ווייל
זַייא הָאבֶּען אַרֵיינְגֶעקוּקְט אִין דֶעם
אָרוֹן פוּן גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען
פוּן דֶעם פָאלְק פוּפְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד
זִיבֶּעצִיג מַאן, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט
גֶעטְרוֹיעֶרְט, ווייל גָאט הָאט גֶעשְׁלָאגֶען
דָאס פָאלְק מִיט אַ גְרוֹיסֶען שְׁלַאק ׃
20 אוּנְד דִיא לַייט פוּן בֵּית שֶׁמֶשׁ
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוער קֶען בֶּעשְׁטֵיין
פַאר יְהֹוָה דֶעם דָאזִיגֶען הֵיילִיגֶען גָאט ?
אוּנְד צוּ וֶועמֶען זָאל עֶר פוּן אוּנְס
אַרוֹיפְגֵיין ?
21 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַהִינְגֶעשִׁיקְט
שְׁלוּחִים צוּ דִיא בֶּעוואוֹינֶער פוּן קִרְיַת
יְעָרִים, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דִיא פְּלִשְׁתִּים
הָאבֶּען צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט דֶעם אָרוֹן פוּן
גָאט, קוּמְט אַרוּפּ אוּנְד בְּרֶענְגְט אִיהְם
אַרוֹיף צוּ אֵייךְ ׃

## קאפיטעל ז

1 אוּנְד דִיא לַייט פוּן קִרְיַת יְעָרִים
זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט
צוּ דֶעם הוֹיז פוּן אֲבִינָדָב אִין גִבְעָה,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעהֵיילִיגְט זַיין זוּהְן
אֶלְעָזָר צוּ הִיטֶען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט ׃

2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם
טָאג אָן וֶוען דֶער אָרוֹן אִיז גֶעבְּלִיבֶּען
אִין קִרְיַת יְעָרִים, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא
טֶעג פֶערְמֶעהְרְט; וָוארִין עֶס אִיז גֶע־
וֶועזֶען צְוַואנְצִיג יָאהְר, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע
הוֹיז יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעקְלָאגְט נָאךְ גָאט:
3 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
גַאנְצֶען הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
וֶוען אִיהְר ווִילְט אֵייךְ אוּמְקֶעהְרֶען מִיט
אֵייעֶר גַאנְצֶען הַארְץ צוּ יְהוָֹה, אַזוֹי
טְהוּט אַוֶועק פוּן צְווִישֶׁען אֵייךְ דִיא
פְרֶעמְדֶע אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד דֶעם עַשְׁתָּרוֹת,
אוּנְד בֶּערֵייטֶעט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער צוּ
גָאט, אוּנְד דִינֶעט אִיהְם אַלֵיין, אַזוֹי
וֶועט עֶר אֵייךְ מַצִיל זֵיין פוּן דִיא הַאנְד
פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים:
4 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
אָפְּגֶעטְהוּן דִיא בְּעָלִים אוּנְד עַשְׁתָּרוֹת,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעדִינְט יְהוָֹה אַלֵיין:
5 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט, זַאמֶעלְט
אֵיין גַאנְץ יִשְׂרָאֵל נָאךְ מִצְפָּה, אוּנְד
אִיךְ וֶועל אֵייךְ פָעטֶען צוּ גָאט בֶּעטֶען:
6 אוּנְד זֵייא זֶענֶען פֶערְזַאמֶעלְט גֶע־
וָוארֶען נָאךְ מִצְפָּה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעשֶׁעפְּט וַואסֶער אוּנְד הָאבֶּען עֶס גֶע־
גָאסֶען פַאר גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אָן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעפַאסְט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען דָארְט גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען
גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען גָאט; אוּנְד שְׁמוּאֵל
הָאט גֶעמִשְׁפָּט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
אִין מִצְפָּה:
7 אוּנְד וֶוען דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען
גֶעהֶערְט אַז דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט נָאךְ מִצְפָּה, אַזוֹי זֶענֶען
דִיא הַארֶען פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען יִשְׂרָאֵל; אוּנְד וֶוען
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט
אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא מוֹרָא גֶעהַאט פַאר
דִיא פְּלִשְׁתִּים:
8 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
גֶעזָאגְט צוּ שְׁמוּאֵל, דוּא זָאלְסְט נִיט
שְׁווֵייגֶען וֶוענֶען אוּנְס צוּ שְׁרֵייעֶן צוּ
יְהוָֹה אוּנְזֶער גָאט, אַז עֶר זָאל אוּנְס
הֶעלְפֶען פוּן דֶער הַאנְד פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים:
9 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶענוּמֶען אַ
זֵייגֶעדִיג לֶעמֶעלֶע, אוּנְד עֶר הָאט עֶס
אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פַאר אַ קָרְבָּן עוֹלָה אִים
גַאנְצֶען צוּ גָאט, אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט
גֶעשְׁרִיגֶען צוּ גָאט וֶוענֶען יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
גָאט הָאט אִיהְם גֶעאַנְטְוָוארְטֶעט:
10 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען שְׁמוּאֵל
הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען דָאס קָרְבָּן עוֹלָה,
אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא פְּלִשְׁתִּים גֶענֶעהֶנְט
צוּ דֶער מִלְחָמָה מִיט יִשְׂרָאֵל; אָבֶּער
גָאט הָאט גֶעשְׁטוּרְמְט מִיט אַ גְרוֹיס
קוֹל אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אִיבֶּער דִיא
פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פֶערְ־
טִימֶעלְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁלָאגֶען
גֶעוָוארֶען פַאר יִשְׂרָאֵל:
11 אוּנְד דִיא לֵייט פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִצְפָּה, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען דִיא פְּלִשְׁתִּים נָאכְגֶעיָאגְט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען בִּיז הִינְטֶער
בֵּית כָּר:
12 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶענוּמֶען אַ
שְׁטֵיין, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעלֵייגְט
צְווִישֶׁען מִצְפָּה אוּנְד צְווִישֶׁען שֵׁן, אוּנְד
עֶר הָאט דֶעם נָאמֶען דַאפוּן גֶערוּפֶען
אֶבֶן הָעֶזֶר, וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
בִּיז אַהֶער הָאט אוּנְס גָאט גֶעהָאלְפֶען:
13 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אוּנְטֶערְ־
טֶענִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען נִיט
מֶעהְר גֶעקוּמֶען אִין דִיא גְרֶענֶעץ פוּן

יִשְׂרָאֵל ; אוּנְד דִיא הַאנְד פוּן גָאט אִיז
גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים אַלֶע
טֶעג פוּן שְׁמוּאֵל :
14 אוּנְד דִיא שְׁטֶעט וֶועלְכֶע דִיא
פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען אַוֶועקְגֶענוּמֶען פוּן
יִשְׂרָאֵל זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט גֶעוָוארֶען
צוּ יִשְׂרָאֵל, פוּן עֶקְרוֹן אוּנְד בִּיז נָאךְ
גַת, אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ דֶערְפוּן הָאט
יִשְׂרָאֵל מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן דֶער הַאנְד
פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד עֶס אִיז גֶע־
וֶועזֶען שָׁלוֹם צְוִוישֶׁען יִשְׂרָאֵל אוּנְד
צְוִוישֶׁען דֶעם אֱמוֹרִי :
15 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעמִשְׁפֶּט יִשְׂרָאֵל
אַלֶע זַיינֶע לֶעבֶּענְסְטֶעג :
16 אוּנְד עֶר אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען פוּן
יָאהְר צוּ יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט אַרוּמְ־
גֶערִינְגֶעלְט בֵּית אֵל אוּנְד גִלְגָל אוּנְד
מִצְפָּה, אוּנְד עֶר הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעמִשְׁפֶּט
אִין אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע עֶרְטֶער :
17 אוּנְד עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ
רָמָה, וָוארִין דָארְטֶען אִיז גֶעוֶועזֶען זַיין
הוֹיז, אוּנְד דָארְטֶען הָאט עֶר יִשְׂרָאֵל
גֶעמִשְׁפֶּט, אוּנְד דָארְטֶען הָאט עֶר גֶע־
בּוֹיעֶט אַ מִזְבֵּחַ צוּ גָאט :

## קאפיטעל ח

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען שְׁמוּאֵל
אִיז אַלְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי הָאט עֶר
גֶעמַאכְט זַיינֶע זִיהְן אַלְס שׁוֹפְטִים אִיבֶּער
יִשְׂרָאֵל :
2 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זַיין בְּכוֹר
אִיז גֶעוֶועזֶען יוֹאֵל, אוּנְד דֶער נָאמֶען
פוּן דֶעם אַנְדֶערְן אִיז גֶעוֶועזֶען אֲבִיָה,
זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען שׁוֹפְטִים אִין בְּאֵר
שָׁבַע :
3 אָבֶּער זַיינֶע זִיהְן זֶענֶען נִיט גֶע־
גַאנְגֶען אִין זַיינֶע וֶועגֶען, גֵייעֶרְט זַייא
הָאבֶּען זִיךְ אָפְּגֶענֵייגְט נָאךְ גֶעלְט,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען שֹׁחַד, אוּנְד
הָאבֶּען אָפְּגֶענֵייגְט דָאס מִשְׁפָּט :
4 אוּנְד אַלֶע עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען זִיךְ אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אוּנְד זֶענֶען
גֶעקוּמֶען צוּ שְׁמוּאֵל נָאךְ רָמָה :
5 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
זֶעה, דוּא בִּיזְט אַלְט, אוּנְד דֵיינֶע זִיהְן
גֵייעֶן נִיט אִין דֵיינֶע וֶועגֶען, אַצוּנְד
מַאךְ אִיבֶּער אוּנְס אַ מֶלֶךְ אַז עֶר זָאל
אוּנְס מִשְׁפָּט׳ן אַזוֹי וִויא אַלֶע פֶעלְקֶער :
6 אוּנְד דִיא זַאךְ אִיז נִיט גֶעפָאלֶען
גֶעוֶועזֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן שְׁמוּאֵל,
וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט גֶעבּ אִיבֶּער
אוּנְס אַ מֶלֶךְ אַז עֶר זָאל אוּנְס מִשְׁפָּט׳ן,
אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ גָאט :
7 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ שְׁמוּאֵל,
הָארְךְ צוּ דֶער שְׁטִים פוּן דֶעם פָאלְק,
אִין אַלֶעם וָואס זַייא זָאגֶען צוּ דִיר,
וָוארִין זַייא הָאבֶּען נִיט דִיךְ פֶערְוָוארְפֶען
גֵייעֶרְט זַייא הָאבֶּען מִיךְ פֶערְוָוארְפֶען
פוּן צוּ קֶענִיגֶען אִיבֶּער זַייא :
8 נָאךְ אַלֶע מַעֲשִׂים וָואס זַייא הָאבֶּען
גֶעטְהוּן, פוּן דֶעם טָאג אָן וֶוען אִיךְ
הָאבּ זַייא אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פוּן מִצְרַיִם
אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען מִיךְ פֶערְלָאזֶען, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעדִינְט אַנְדֶערֶע אָפְּגֶעטֶער,
אַזוֹי טְהוּן זַייא אוֹיךְ צוּ דִיר :
9 אוּנְד אַצוּנְד, הֶער צוּ אִין זַייעֶר
קוֹל, אָבֶּער דוּא זָאלְסְט אִיבֶּער זַייא
גֶעווִיס זַיין אַן עֵדוּת, אוּנְד זָאלְסְט צוּ
זַייא אָנְזָאגֶען דָאס מִשְׁפָּט פוּן דֶעם
מֶלֶךְ וָואס וֶועט אִיבֶּער זַייא רֶעגִירֶען :
10 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט אַלֶע
וֶוערְטֶער פוּן גָאט צוּ דֶעם פָאלְק,
וָואס הָאט פוּן אִיהְם פֶערְלַאנְגְט אַ
מֶלֶךְ :

11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס וֶועט זַיין דָאס מִשְׁפָּט פוּן דֶעם מֶלֶךְ וָואס וֶועט רֶעגִירֶען אִיבֶּער אֵייךְ, עֶר וֶועט אַוֶועקְנֶעמֶען אֵיירֶע זִיהְן, אוּנְד עֶר וֶועט זַייא פַאר זִיךְ טְהוּן אִין זַיינֶע רַייטְוֶועגֶען, אוּנְד פַאר זַיינֶע רַייטֶער, אוּנְד זַייא וֶועלֶען מִיזֶען לוֹיפֶען פַאר זַיינֶע רַייטְוֶועגֶען:

12 אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ מַאכֶען אָבֶּערשְׁטֶע אִיבֶּער טוֹיזֶענְד אוּנְד אָבֶּערשְׁטֶע אִיבֶּער פוּפְצִיג, אוּנְד צוּ אַקֶערְן זַיין אַקֶער, אוּנְד צוּ שְׁנַיידֶען זַיין תְּבוּאָה, אוּנְד צוּ מַאכֶען זַיינֶע כְּלֵי מִלְחָמָה, אוּנְד דִיא כֵּלִים פוּן זַיין רַייטְוָואגֶען:

13 אוּנְד אֵיירֶע טֶעכְטֶער וֶועט עֶר גֶענֶעמֶען, אַז זַייא זָאלֶען זַיין אַלְם בְּשָׂמִים מַאכֶערְס אוּנְד צוּ קֶעכֶענְס אוּנְד צוּ בֶּעקֶערְס:

14 אוּנְד עֶר וֶועט אַוֶועקְנֶעמֶען אֵיירֶע בֶּעסְטֶע פֶעלְדֶער אוּנְד ווַיינְגֶערְטֶען אוּנְד עֶר וֶועט זַייא גֶעבֶּען צוּ זַיינֶע קְנֶעכְט:

15 אוּנְד אֵיירֶע זָאמֶען אוּנְד אֵיירֶע ווַיינְגֶערְטֶען וֶועט עֶר מַעֲשֵׂר'ן, אוּנְד עֶר וֶועט עֶס גֶעבֶּען צוּ זַיינֶע דִינֶער אוּנְד צוּ זַיינֶע קְנֶעכְט:

16 אוּנְד אֵיירֶע קְנֶעכְט אוּנְד אֵיירֶע דִינְסְטֶען אוּנְד אֵיירֶע בֶּעסְטֶע בַּחוּרִים, אוּנְד אֵיירֶע אֵייזֶעלְן וֶועט עֶר צוּנֶעמֶען אוּנְד עֶר וֶועט זַייא טְהוּן צוּ זַיינֶע אַרְבֵּייט:

17 אֵיירֶע שָׁאף וֶועט עֶר מַעֲשֵׂר'ן, אָבֶּער אִיהְר וֶועט זַיין צוּ אִיהְם אַלְם קְנֶעכְט:

18 אוּנְד אִיהְר וֶועט שְׁרַייעֶן דֶעם דָאזִיגֶען טָאג וֶועגֶען אֵייעֶר קֶענִיג וָואס אִיהְר הָאט אֵייךְ אוֹיסְדֶערְוֶויילְט, אָבֶּער גָאט וֶועט אֵייךְ נִיט עֶנְטְפֶערְן אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג:

19 אָבֶּער דָאס פָאלְק הָאט נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען צוּ דֶער שְׁטִים פוּן שְׁמוּאֵל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, נֵיין; נֵייעֶרְט אַ מֶלֶךְ זָאל אִיבֶּער אוּנְס זַיין:

20 אוּנְד מִיר וֶועלֶען אוֹיךְ זַיין אַזוֹי ווִיא אַלֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד אוּנְזֶער מֶלֶךְ זָאל אוּנְס מִשְׁפָּט'ן, אוּנְד עֶר זָאל פַאר אוּנְס אַרוֹיסְגֵיין אוּנְד פַאר אוּנְס מִלְחָמָה הַאלְטֶען:

21 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעהֶערְט אַלֶע וֶוערְטֶער פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶערֶעט אִין דִיא אוֹירֶען פוּן גָאט:

22 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ שְׁמוּאֵל, הָארְךְ צוּ זַיירֶע שְׁטִים, אוּנְד מַאךְ אַז אַ מֶלֶךְ זָאל אִיבֶּער זַייא רֶעגִירֶען; אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, גֵייט אִיטְלִיכֶער מַאן צוּ זַיינֶע שְׁטָאט:

## קאפיטעל ט

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן אוֹיס בִּנְיָמִן, אוּנְד זַיין נָאמֶען וַואר קִישׁ זוּהְן פוּן אֲבִיאֵל, זוּהְן פוּן צְרוֹר, זוּהְן פוּן בְּכוֹרַת, זוּהְן פוּן אֲפִיחַ, זוּהְן פוּן אַ מַאן אוֹיס בִּנְיָמִן, אַ שְׁטַארְקֶער חַיִל'ס מַאן:

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט אַ זוּהְן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען שָׁאוּל, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיסְדֶערְוֶויילְט אוּנְד גוּט, אוּנְד קֵיינֶער פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעוֶועזֶען בֶּעסֶער פוּן אִיהְם, פוּן זַיין אַקְסֶעל אוּנְד דַארִיבֶּער אִיז עֶר הֶעכֶער גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק:

3 אוּנְד דִיא אֵייזֶעל פוּן זַיין פָאטֶער
קִישׁ זֶענֶען פֶערְלוֹירֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
קִישׁ הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין זוּהְן שָׁאוּל,
אִיךְ בֶּעט דִיךְ נֶעם מִיט דִיר אֵיינֶעם
פוּן דִיא יוּנְגֶען, אוּנְד שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד
גֵייא זוּךְ דִיא אֵייזֶעלְן:
4 אוּנְד עֶר אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דֶעם
בַּארְג אֶפְרַיִם, אוּנְד דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דָאס
לַאנְד שָׁלִשָׁה, אָבֶּער עֶר הָאט זֵייא נִיט
גֶעפוּנֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אִיבֶּערְגֶע־
גַאנְגֶען דָאס לַאנְד שַׁעֲלִים אוּנְד זֵייא
זֶענֶען אוֹיךְ נִיט דָא גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר
אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דָאס לַאנְד בִּנְיָמִן
אָבֶּער עֶר הָאט זֵייא נִיט גֶעפוּנֶען:
5 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ
דֶעם לַאנְד צוּף, אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶע־
זָאגְט צוּ זַיין יוּנְג וָואס אִיז מִיט אִיהְם
גֶעוֶועזֶען, קוּם לָאמֶער צוּרִיקְגֵיין, טָאמֶער
וֶועט מֵיין פָאטֶער אוֹיפְהֶערֶען צוּ
זָארְגֶען אִיבֶּער דִיא אֵייזֶעל אוּנְד וֶועט
זָארְגֶען אִיבֶּער אוּנְס:
6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
זֶעה דָאךְ! עֶס אִיז אִין דֶער דָאזִיגֶער
שְׁטָאט אַ גֶעטְלִיכֶער מַאן, אוּנְד דֶער
מַאן אִיז בְּכָבוֹד גֶעהַאלְטֶען, אַלֶעס
וָואס עֶר רֶעט, קוּמְט גֶעווִיס אָן, לָאמֶער
אַצוּנְד דָארְט אַהִינְגֵיין, טָאמֶער וֶועט
עֶר אוּנְס זָאגֶען אוּנְזֶערְן וֶועג אוֹיף
וֶועלְכֶען מִיר זָאלֶען גֵיין:
7 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין
יוּנְג, זֶעה וֶוען מִיר וֶועלֶען אַהִינְגֵיין
וָואס זָאלֶען מִיר בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם
מַאן? וָוארִין דָאס בְּרוֹיט אִיז אוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען פוּן אוּנְזֶערֶע כֵּלִים, אוּנְד
מִיר הָאבֶּען קֵיין שׁוּם מַתָּנָה צוּ בְּרֶענְגֶען
צוּ דֶעם מַאן, וָואס הָאבֶּען מִיר דֶען?
8 אוּנְד דֶער יוּנְג הָאט נָאךְ אַ מָאל
שָׁאוּל גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
זֶעה עֶס גֶעפִינְט זִיךְ אִין מֵיינֶע הַאנְד
אַ פִירְטֶעל שֶׁקֶל זִילְבֶּער, אוּנְד אִיךְ
וֶועל דָאס גֶעבֶּען צוּ דֶעם גֶעטְלִיכֶען
מַאן אַז עֶר זָאל אוּנְס זָאגֶען אוּנְזֶערְן
וֶועג:
9 (עֶס אִיז פַארְצֵייטֶען אַזוֹי גֶעוֶועזֶען
אִין יִשְׂרָאֵל, אַז אֵיינֶער אִיז גֶעגַאנְגֶען
גָאט צוּ פָארְשֶׁען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
לָאמֶער גֵיין בִּיז צוּ דֶעם זֶעהֶער, וָוארִין
צוּ דֶעם וָואס מֶען רוּפְט הֵיינְט אַ נָבִיא
אִיז פְרִיהֶער גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען אַ
(רוֹאֶה) זֶעהֶער:
10 אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט צוּ זַיין
יוּנְג, דֵיין וָוארְט אִיז גוּט, לָאמֶער גֵיין,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַהִינְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער
שְׁטָאט אַוְואוּ דֶער גֶעטְלִיכֶער מַאן אִיז
דָארְט גֶעוֶועזֶען:
11 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
בֵּייא דֶעם אוֹיפְגַאנְג פוּן דֶער שְׁטָאט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעטְרָאפֶען יוּנְגֶע
מֶערְכֶען וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
וַואסֶער צוּ שֶׁעפֶּען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיז דָא פֶערְהַאנְדֶען
אַ זֶעהֶער?
12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶע־
עֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, יוֹא, זֶעה עֶר
אִיז פַאר דִיר, אֵיילְט אֵייךְ אַצוּנְד,
וָוארִין הֵיינְט אִיז עֶר אִין דִיא שְׁטָאט
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, וָוארִין הֵיינְט אִיז אַ
שֶׁעכְטוּנְג (פוּן קָרְבָּנוֹת) צוּ דֶעם פָאלְק
אוֹיף דֶער בָּמָה:
13 וֶוען אִיהְר וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען אִין
דִיא שְׁטָאט אַזוֹי וֶועט אִיהְר אִיהְם
גֶעפִינֶען אֵיידֶער עֶר גֵייט אַרוֹיף אוֹיף
דִיא בָּמָה צוּ עֶסֶען, וָוארִין דָאס פָאלְק
עֶסְט נִיט בִּיז עֶר קוּמְט, אוּנְד בִּיז עֶר

מאכט אַ בְּרָכָה איבּער דעם זֶבַח,
אונד דערנאָך עסען דיא גערופענע,
אונד אַצונד גייט אַרויף וואָרין איהר
וועט איהם היינט געפינען׃
14 אונד זייא זענען אַרויפגעגאנגען
אין דיא שטאָט, אונד ווען זייא זענען
אָנגעקומען אין דער מיטען פון דער
שטאָט, זעה, אַזוי איז שְׁמוּאֵל אַרויס־
געגאנגען זייא ענטקעגען, אום אַרויפ־
צוגיין צו דער בָּמָה׃
15 אונד גאָט האָט עס ענטפּלעקט
צו דעם אויער פון שְׁמוּאֵל, אַ טאָג
פריהער איידער שָׁאוּל איז אָנגעקומען
אַזוי צו זאָגען׃
16 מאָרגען אום דיזע צייט וועל איך
צו דיר שיקען אַ מאַן אויס דעם לאַנד
בִּנְיָמִן, אונד איהם זאָלסט דוא זאַלבּען
אַלס אַ (נָגִיד) פירשט איבּער מיין
פאָלק יִשְׂרָאֵל, אונד ער וועט העלפען
מיין פאָלק אויס דער האַנד פון דיא
פְּלִשְׁתִּים, וואָרין איך האָב אָנגעזעהען
מיין פאָלק, ווייל זייער געשרייא איז
צו מיר געקומען׃
17 אונד ווען שְׁמוּאֵל האָט געזעהען
שָׁאוּל אַזוי האָט איהם גאָט געענטפערט,
זעה דעם מאַן פון וועלכעם איך האָב
צו דיר געזאָגט, דער דאָזיגער וועט
איבּער מיין פאָלק געוועלטיגען׃
18 אונד שָׁאוּל האָט זיך גענעהנט צו
שְׁמוּאֵל אין דער מיטען פון דעם
טויער, אונד ער האָט געזאָגט, איך
בעט דיך, זאָג מיר אַוואו איז דאָס
הויז פון דעם זעהער?
19 אונד שְׁמוּאֵל האָט שָׁאוּל גע־
ענטפערט אונד געזאָגט, איך בּין דער
זעהער, גייט פאָר מיר אַרויף צו דער
בָּמָה, וואָרין איהר וועט מיט מיר היינט
עסען, אונד אין דער פריה וועל איך
דיך אַוועקשיקען, אונד איך וועל דיר
זאָגען אַלעס וואָס איז אין דיין האַרץ׃
20 אונד וועגען דיינע אייזעלען וואָס
זענען שוין היינט דרייא טעג פערלוירען
געגאנגען—אויף זייא זאָלסט דוא ניט
דיין האַרץ טהון, וואָרין זייא זענען
געפונען געוואָרען,—אָבּער צו וועמען
איז דיא גאַנצע לוסטיגקייט פון יִשְׂרָאֵל?
איז עס ניט צו דיר אונד צו דעם
גאַנצען הויזגעזינד פון דיין פאָטער?
21 אונד שָׁאוּל האָט געענטפערט
אונד געזאָגט, בּין איך ניט פון בִּנְיָמִן
דער קליינסטער שֵׁבֶט פון יִשְׂרָאֵל? אונד
איז ניט מיינע מִשְׁפָּחָה דיא קליינסטע
פון אַלע מִשְׁפָּחוֹת פון שֵׁבֶט בִּנְיָמִן?
אונד פאַר וואָס רעדסט דוא צו מיר
אַזוי וויא דיא דאָזיגע רייד?
22 אונד שְׁמוּאֵל האָט גענומען דעם
שָׁאוּל אונד זיין יונג אונד ער האָט
זייא אַריינגעבּרענגט אין אַ קאַמער,
אונד ער האָט זייא געגעבּען אַ פּלאַץ
צווישען דיא פאָרנעהמסטע פון דיא
איינגעלאַדענע, אונד זייא זענען גע־
וועזען אונגעפעהר דרייסיג מאַן׃
23 אונד שְׁמוּאֵל האָט געזאָגט צו
דעם קאָכער, בּרענג דאָס חֵלֶק וואָס
איך האָב דיר געגעבּען, אונד פון
וועלכעם איך האָב צו דיר געזאָגט,
לייג עס אַוועק בּייא דיר׃
24 אונד דער קאָכער האָט אויפ־
געהויבּען דיא שולטער אונד וואָס איז
דאַרויף געוועזען, אונד ער האָט עס
פאָרגעלייגט פאַר שָׁאוּל; אונד ער
(שְׁמוּאֵל) האָט געזאָגט, זעה דאָס
איבּערגעבּליבּענע! לייג עס פאַר דיר
אונד עס, וואָרין עס איז צו דיזער

צײַט פַאר דײנֶעמֶװעגֶען בֶּעהַאלְטֶען גֶעװָארֶען, װֶען אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ דָאס פָּאלְק אײנְגֶעלַאדֶען; אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעגֶעסֶען מִיט שְׁמוּאֵל אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג:

25 אוּנְד װֶען זײ זֶענֶען אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן דֶער בָּמָה אִין דִיא שְׁטָאט אַרײַן אַזוֹי הָאט עֶר גֶערֶעט מִיט שָׁאוּל אוֹיף דֶעם דַאךְ:

26 אוּנְד זײ זֶענֶען פְּרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט שְׁמוּאֵל גֶערוּפֶען שָׁאוּל'ן אוֹיף דֶעם דַאךְ, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, שְׁטֵיא אוֹיף, אוּנְד אִיךְ װֶעל דִיךְ אַװֶעקְשִׁיקֶען, אַזוֹי אִיז שָׁאוּל אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זײ בֵּיידֶע, עֶר אוּנְד שְׁמוּאֵל זֶענֶען אוֹיף דֶער גַאס אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען:

27 אוּנְד זײ זֶענֶען אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען אַן דֶער עֶק פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, זָאג צוּ דֶעם יוּנְג אַז עֶר זָאל פַאר אוּנְס אַרִיבֶּערְגֵיין, אוּנְד עֶר אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דוּא בְּלֵייבּ אַצוּנְד שְׁטֵיין, אוּנְד אִיךְ װֶעל דִיךְ מַאכֶען הֶערֶען דִיא רֵייד פוּן גָאט:

קאפּיטעל י

1 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶענוּמֶען אַ קְרוּגֶעל אֵייל אוּנְד הָאט עֶס אַרוֹיפְגֶעגָאסֶען אוֹיף זַיין קָאפּ, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעקִישְׁט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיז עֶס נִיט װֵייל גָאט הָאט דִיךְ גֶעזַאלְבְּט אַלְס אַ פִּירְשְׁט אִיבֶּער זַיין נַחֲלָה:

2 װֶען דוּא װֶעסְט הַיינְט פוּן מִיר אַװֶעקְגֵיין אַזוֹי װֶעסְט דוּא גֶעפִינֶען צְװֵייא מֶענֶער בֵּייא רָחֵל'ס קֶבֶר, אַן דֶערְגְרֶענֶעץ פוּן בִּנְיָמִן, אִין צֶלְצַח, אוּנְד זײ װֶעלֶען צוּ דִיר זָאגֶען, דִיא אֵייזֶעלְן זֶענֶען גֶעפוּנֶען גֶעװָארֶען װֶעלְכֶע דוּא בִּיזְט גֶעגַאנְגֶען צוּ זוּכֶען, אוּנְד זֶעה, דֵיין פָאטֶער הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט (צוּ זָארְגֶען) װֶעגֶען דִיא אֵייזֶעל, אוּנְד עֶר זָארְגְט אִיבֶּער אֵייךְ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, װָאס זָאל אִיךְ טְהוּן װֶעגֶען מֵיין זוּהְן?

3 אוּנְד דוּא װֶעסְט פוּן דָארְטֶען װֵייטֶער גֵיין, אוּנְד דוּא װֶעסְט אָנְקוּמֶען בִּיז צוּ דֶעם פְּלוֹין תָּבוֹר, אַזוֹי װֶעסְט דוּא דָארְטֶען גֶעפִינֶען דְרֵייא מֶענֶער, װָאס גֵייעֶן אַרוֹיף צוּ גָאט נָאךְ בֵּית־אֵל, אֵיינֶער װֶעט טְרָאגֶען דְרֵייא צִיקֶעלֶעךְ, אוּנְד אֵיינֶער װֶעט טְרָאגֶען דְרֵייא לֵייבֶּעל בְּרוֹיט, אוּנְד אֵיינֶער װֶעט טְרָאגֶען אַ לָאגֶעל װַיין:

4 אוּנְד זײ װֶעלֶען דִיךְ גְרִיסֶען מִיט שָׁלוֹם, אוּנְד װֶען זײ װֶעלֶען דִיר גֶעבֶּען צְװֵייא לֵייבֶּעל בְּרוֹיט אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זײ נֶעמֶען פוּן זֵיירֶע הַאנְד:

5 אוּנְד דֶערְנָאךְ װֶעסְט דוּא קוּמֶען צוּ דֶעם הִיגֶעל פוּן גָאט, דָארְטֶען װְוּ דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אָנְגֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד עֶס װֶעט זַיין אַז װֶען דוּא װֶעסְט אָנְקוּמֶען אִין דִיא שְׁטָאט אַזוֹי װֶעלֶען דִיךְ בֶּעגֶעגְנֶען אַ חַבְרוּתָה פוּן נְבִיאִים װָאס װֶעלֶען אַרוּפְּקוּמֶען פוּן דֶער בָּמָה, אוּנְד פַאר זײ װֶעט זַיין אַ פִּידֶעל, אוּנְד אַ פּוֹיק, אוּנְד אַ פֵייפֶעל, אוּנְד אַ הַארְף, אוּנְד זײ װֶעלֶען נְבוּאוֹת זָאגֶען:

6 אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן גָאט װֶעט אוֹיף דִיר קוּמֶען, אוּנְד דוּא װֶעסְט מִיט זײ נְבוּאוֹת זָאגֶען, אוּנְד דוּא װֶעסְט פֶערְקֶעהְרְט װֶערֶען צוּ אַן אַנְדֶערְן מֶענְשׁ:

7 אוּנְד עֶס װֶעט זַיין אַז דִיא דָאזִיגֶע צֵייכֶען װֶעלֶען צוּ דִיר קוּמֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא טְהוּן װָאס דֵיינֶע הַאנְד װֶעט גֶעפִינֶען, װָארִין גָאט אִיז מִיט דִיר׃

8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אַרוּפְּגֵיין פַאר מִיר נָאךְ גִלְגָל, אוּנְד זֶעה אִיךְ װֶעל צוּ דִיר אַרוּפְּקוּמֶען, אוּיפְצוּבְּרֶענְגֶען בְּרַאנְד־אָפְּפֶער אוּנְד שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער אוּנְד פְרִיד־אָפְּפֶער, דוּא זָאלְסְט װַארְטֶען זִיבֶּען טֶעג בִּיז אִיךְ װֶעל צוּ דִיר קוּמֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל דִיר לָאזֶען װִיסֶען װָאס דוּא זָאלְסְט טְהוּן׃

9 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען עֶר הָאט זִיךְ מִיט זַיינֶע שׁוּלְטֶער אוּמְגֶעקֶעהְרְט אַװֶעק צוּ גֵיין פוּן שְׁמוּאֵל אַזוֹי הָאט גָאט צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אֵיין אַנְדֶערֶעס הַארְץ, אוּנְד אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע צֵייכֶען זֶענֶען גֶעקוּמֶען אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג׃

10 אוּנְד װֶען זֵייא זֶענֶען דָארְטֶען אָנְגֶעקוּמֶען אִין גִבְעָה, זֶעה אַ חֶבְרוּתָה פוּן נְבִיאִים זֶענֶען צוּ אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן גָאט אִיז אִיבֶּער אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט צְוִוישֶׁען זֵייא נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט׃

11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אַז אִיטְלִיכֶער װָאס הָאט אִיהְם פְרִיהֶער גֶעקֶענְט װֶען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען אַז עֶר זָאגְט נְבוּאוֹת מִיט דִיא נְבִיאִים, אַזוֹי הָאט דָאס פָאלְק גֶעזָאגְט אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען, װָאס אִיז דָאס װָאס אִיז גֶעװָארֶען צוּ דֶעם זוּהְן פוּן קִישׁ? אִיז דֶען שָׁאוּל אוֹיךְ צְוִוישֶׁען דִיא נְבִיאִים?

12 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דָארְטֶען הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אָבֶּער װֶער אִיז זֵייעֶר פָאטֶער? דַארִיבֶּער אִיז עֶס גֶעװָארֶען צוּ אַ מָשָׁל, אִיז שָׁאוּל אוֹיךְ צְוִוישֶׁען דִיא נְבִיאִים?

13 אוּנְד װֶען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט נְבוּאוֹת צוּ זָאגֶען אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶער בָּמָה׃

14 אוּנְד שָׁאוּל'ס פֶּעטֶער הָאט צוּ אִיהְם אוּנְד צוּ זַיין יוּנְג גֶעזָאגְט, אַװוּ זַייט אִיהְר אַהִינְגֶעגַאנְגֶען? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, צוּ זוּכֶען דִיא אֵיזֶעלְן, אוּנְד װֶען מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז זֵייא זֶענֶען נִיט דָא, אַזוֹי זֶענֶען מִיר גֶעקוּמֶען צוּ שְׁמוּאֵל׃

15 אוּנְד שָׁאוּל'ס פֶּעטֶער הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ זָאג מִיר װָאס הָאט שְׁמוּאֵל צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט?

16 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין פֶּעטֶער, עֶר הָאט צוּ אוּנְס גֶעזָאגְט אַז דִיא אֵיזֶעלְן זֶענֶען גֶעפוּנֶען גֶעװָארֶען, אָבֶּער דִיא זַאךְ פוּן דֶער מְלוּכָה פוּן װֶעלְכֶעם שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט הָאט עֶר צוּ אִיהְם נִיט אָנְגֶעזָאגְט׃

17 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דָאס פָאלְק צוּ גָאט נָאךְ מִצְפָּה׃

18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיךְ הָאבּ יִשְׂרָאֵל אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ מַצִיל גֶעװֶעזֶען אוֹיס דֶער הַאנְד מִצְרַיִם'ס אוּנְד פוּן דִיא הֶענְד פוּן אַלֶע קֶענִיגְרַייכֶע װָאס הָאבֶּען אֵייךְ אוּנְטֶערְדְרִיקְט׃

19 אוּנְד אִיהְר הָאט הַיינְט פֶערְװָארְפֶען אֵייעֶר גָאט װָאס הָאט אֵייךְ גֶעהָאלְפֶען פוּן אַלֶעם אֵייעֶרֶעס שְׁלֶעכְטֶען אוּנְד פוּן אֵייעֶרֶע צָרוֹת, אוּנְד אִיהְר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייעֶרְט אַ מֶלֶךְ זָאלְסְט דוּא אִיבֶּער אוּנְס מַאכֶען, אַזוֹי שְׁטֶעלְט אֵייךְ יֶעצְט פַאר גָאט נָאךְ אֵיירֶע

שְׁבָטִים אוּנְד נָאךְ אַיירֶע טויזֶענְדֶע׃
20 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעמַאכְט גֶע־
נֶעהֶנֶען אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
דָאס גוֹרָל אִיז גֶעפַאלֶען אויף דֶעם
שֵׁבֶט בִּנְיָמִן׃
21 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט גֶענֶעהֶנֶען
דֶעם שֵׁבֶט בִּנְיָמִן נָאךְ זַיירֶע מִשְׁפָּחוֹת,
אוּנְד דָאס גוֹרָל אִיז גֶעפַאלֶען אויף
דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן מַטְרִי, אוּנְד עֶס הָאט
גֶעטְרָאפֶען אויף שָׁאוּל זוּהְן פוּן קִישׁ,
אוּנְד זַייא הָאבֶען אִיהְם גֶעזוּכְט אָבֶער
מֶען הָאט אִיהְם נִיט גֶעפוּנֶען׃
22 אוּנְד זַייא הָאבֶען נָאךְ אַמָאל
אָנְגֶעפְרֶעגְט בַּייא גָאט, אויב דֶער מַאן
וֶועט דָא אַהֶער קוּמֶען. אוּנְד גָאט
הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה עֶר הָאט זִיךְ בֶּע־
הַאלְטֶען צְוִוישֶׁען דִיא כֵּלִים׃
23 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעלָאפֶען אוּנְד
הָאבֶען אִיהְם פוּן דָארְטֶען גֶענוּמֶען,
אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט
צְוִוישֶׁען דֶעם פָאלְק, אַזוֹי אִיז עֶר
הֶעכֶער גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם גַאנְצֶען
פָאלְק פוּן זַיינֶע שׁוּלְטֶער אָן אוּנְד
הַארִיבֶּער׃
24 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, זֶעהְט אָן דֶעם
וֶועלְכֶען גָאט הָאט אויסְדֶערְוֶוייְלְט,
וָוארִין עֶס אִיז נִיט דָא אַזוֹי וִויא עֶר
אִין דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק הָאט גֶעשְׁרִיגֶען, אוּנְד
זַייא הָאבֶען גֶעזָאגְט, דֶער קֶענִיג זָאל
לֶעבֶּען׃
52 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶערֶעט צוּ
דֶעם פָאלְק דָאס רֶעכְט פוּן דֶער מְלוּכָה,
אוּנְד עֶר הָאט עֶס פֶערְשְׁרִיבֶּען אִין אַ
בוּךְ, אוּנְד עֶר הָאט עֶס אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט
פַאר גָאט, אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אִיטְלִיכֶען
צוּ זַיין הויז׃
26 אוּנְד שָׁאוּל אִיז אויךְ אַהֵיים גֶע־
גַאנְגֶען נָאךְ גִבְעָה, אוּנְד עֶס אִיז מִיט
אִיהְם גֶעגַאנְגֶען אַ חַיִל וָואס גָאט הָאט
זַייעֶר הַארְץ אָנְגֶערִיהְרְט׃
27 אָבֶער דִיא שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען
(בְּנֵי בְלִיַעַל) הָאבֶען גֶעזָאגְט, וָואס
וֶועט אוּנְס דֶער דָאזִיגֶער הֶעלְפֶען,
אוּנְד זַייא הָאבֶען אִיהְם פֶערְשֶׁעהמְט,
אוּנְד זַייא הָאבֶען אִיהְם נִיט גֶעבְּרַאכְט
אַ גֶעשֶׁענְק, אָבֶער עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי
וִויא אֵיינֶער וָואס שְׁוַוייגְט׃

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד נָחָשׁ, דֶער עַמּוֹנִי, אִיז אַרויפְ־
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעלַאגֶערְט
בַּייא יָבֵישׁ גִלְעָד, אוּנְד אַלֶע לֵייטֶע
פוּן יָבֵשׁ הָאבֶען גֶעזָאגְט צוּ נָחָשׁ,
מַאךְ מִיט אוּנְס אַ בְּרִית, אַזוֹי וֶועלֶען
מִיר דִיר דִינֶען׃
2 אוּנְד נָחָשׁ, דֶער עַמּוֹנִי, הָאט צוּ
זַייא גֶעזָאגְט, דוּרְךְ דֶעם דָאזִיגֶען וֶועל
אִיךְ מִיט אֵייךְ מַאכֶען אַ בְּרִית, דָאס
אִיךְ וֶועל צוּ אִיטְלִיכֶען פוּן אֵייךְ אויס־
שְׁטֶעכֶען דָאס רֶעכְטֶע אויג, אוּנְד
דַאמִיט וֶועל אִיךְ טְהוּן אַ שַׁאנְד אויף
גַאנְץ יִשְׂרָאֵל׃
3 אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן יָבֵישׁ הָאבֶען
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעבּ צוּ אוּנְס זִיבֶּען
טֶעג, אַז מִיר זָאלֶען אַהִינְשִׁיקֶען שְׁלוּחִים
אִין אַלֶע גְרֶענֶעצֶען פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
וֶוען עֶס וֶועט אוּנְס קֵיינֶער נִיט הֶעלְפֶען
אַזוֹי וֶועלֶען מִיר צוּ דִיר אַרויסְגֵיין׃
4 אוּנְד דִיא שְׁלוּחִים זֶענֶען אָנְגֶע־
קוּמֶען נָאךְ גִבְעַת שָׁאוּל, אוּנְד וֶוען
זַייא הָאבֶּען גֶערֶעט דִיזֶע וֶוערְטֶער
אִין דִיא אוירֶען פוּן דֶעם פָאלְק, אַזוֹי

הָאט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
זַייעֶר קוֹל אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעוויינְט׃
5 אוּנְד זֶעה, שָׁאוּל אִיז גֶעקוּמֶען
הִינְטֶער דִיא רִינְדֶער פוּן דֶעם פֶעלְד,
אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט, וָואס אִיז
דֶערְמֶעהְר מִיט דֶעם פָאלְק אַז זַייא
ווֵיינֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם
דֶערְצֵיילְט דִיא ווֶערְטֶער פוּן דִיא לֵייטֶע
פוּן יָבֵשׁ׃
6 אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן גָאט אִיז
גֶעקוּמֶען אִיבֶּער שָׁאוּל ווֶען עֶר הָאט
גֶעהֶערְט דִיא דָאזִיגֶע ווֶערְטֶער אַזוֹי
הָאט זִיךְ זַיין צָארְן זֵייעֶר דֶערְגְרִימְט׃
7 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען אַ פָּאר
רִינְדֶער, אוּנְד עֶר הָאט זַייא צֶערְשְׁנִיטֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זַייא אַהִינְגֶעשִׁיקְט דוּרְךְ
דִיא שְׁלוּחִים אִין אַלֶע גְרֶענְעֶצֶען פוּן
יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, ווֶער עֶס ווֶעט
נִיט אַרוֹיסְגֵיין נָאךְ שָׁאוּל אוּנְד נָאךְ
שְׁמוּאֵל, זָאל אַזוֹי גֶעטְהוּן ווֶערֶען צוּ
זַיינֶע רִינְדֶער. אוּנְד דִיא פוּרְכְט פוּן
גָאט אִיז גֶעפַאלֶען אִיבֶּער דֶעם פָאלְק,
אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַזוֹי
וויא אֵיין מַאן׃
8 אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעצֵיילְט אִין
בֶּזֶק, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען
גֶעווֶעזֶען דְרַייא הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד, אוּנְד
דִיא מֶענֶער פוּן יְהוּדָה דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד׃
9 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דִיא
שְׁלוּחִים וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אַזוֹי
זָאלְט אִיהְר זָאגֶען צוּ דִיא לֵייטֶע פוּן
יָבֵישׁ גִלְעָד, מָארְגֶען ווֶען דִיא זוּן ווֶעט
זִיךְ דֶערְהִיצֶען ווֶעט צוּ אֵייךְ זַיין אַ
הִילְף. אוּנְד דִיא שְׁלוּחִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאבֶּען עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ דִיא
לֵייטֶע פוּן יָבֵישׁ, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ
גֶעפְרֵייט׃
10 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא לֵייטֶע פוּן יָבֵישׁ
גֶעזָאגְט, מָארְגֶען, ווֶעלֶען מִיר צוּ אֵייךְ
אַרוֹיסְגֵיין אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּ אוּנְס
טְהוּן אַלֶעס וָואס עֶס אֵייךְ ווֹאוילְגֶע־
פֶעלֶען׃
11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעווֶעזֶען אַם מָארְגֶען,
אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעמַאכְט דָאס פָאלְק
אִין דְרַייא טֵיילֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען
גֶעקוּמֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶער
מַחֲנֶה אִין דֶער מָארְגֶען וַואךְ, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען עַמוֹן גֶעשְׁלָאגֶען בִּיז דֶער
טָאג אִיז הֵייס גֶעווָארֶען, אוּנְד עֶס אִיז
גֶעווֶעזֶען אַז דִיא וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְ־
גֶעבְּלִיבֶּען זֶענֶען צוּשְׁפְּרֵייט גֶעווָארֶען,
אַז עֶס אִיז נִיט אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן
זַייא צְווֵייא צוּזַאמֶען׃
12 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעזָאגְט צוּ
שְׁמוּאֵל, ווֶער אִיז דֶער וָואס הָאט
גֶעזָאגְט, זָאל שָׁאוּל אִיבֶּער אוּנְס רֶע־
גִירֶען? בְּרֶענְגְט דִיא מֶענֶער אַהֶער
אַז מִיר זָאלֶען זַייא טֵייטֶען׃
13 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט, עֶס זָאל
קֵיינֶער גֶעטֵייט ווֶערֶען דֶעם הֵיינְטִיגֶען
טָאג, וָוארִין הֵיינְט הָאט גָאט גֶעטְהוּן
אַ הִילְף אִין יִשְׂרָאֵל׃
14 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דֶעם פָאלְק, קוּמְט אוּנְד לָאזְט אוּנְס
גֵיין נָאךְ גִלְגָל, אוּנְד לָאמֶיר דָארְטֶען
בֶּענֵייעֶן דִיא מְלוּכָה׃
15 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז אַהִינְ־
גֶעגַאנְגֶען נָאךְ גִלְגָל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
דָארְטֶען דֶעם שָׁאוּל גֶעקְרֵיינְט פַאר גָאט
אִין גִלְגָל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָארְטֶען
גֶעשָׁאכְטֶען שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער אוּנְד פְרִיד־
אָפְּפֶער פַאר גָאט; אוּנְד שָׁאוּל אוּנְד
אַלֶע לֵייט פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ
דָארְטֶען זֶעהְר גֶעפְרֵייעֶט׃

## קאפיטעל יב

1 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, זֶעהְט, אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אִין אֵייעֶר קוֹל צוּ אַלֶעס וָואס אִיהְר הָאט מִיר גֶעזָאגְט, אוּנְד הָאבּ אִיבֶּער אֵייךְ גֶעקְרוֹינְט אַ מֶלֶךְ:

2 אוּנְד אַצוּנְד זֶעהְט, דֶער מֶלֶךְ וֶועט גֵיין פַאר אֵייךְ, אוּנְד אִיךְ בִּין אַלְט אוּנְד גְרֵייז, אוּנְד מֵיינֶע זִיהְן זֶענֶען מִיט אֵייךְ, אוּנְד אִיךְ בִּין פַאר אֵייךְ גֶעגַאנְגֶען פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד אָן בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג:

3 זֶעהְט, הִיעֶר בִּין אִיךְ, זָאגְט אוֹיף מִיר עֵדוּת קֶעגֶען גָאט אוּנְד קֶעגֶען זֵיין גֶעזַאלְבְּטֶען, וֶועמֶעס אָקְס הָאבּ אִיךְ גֶענוּמֶען? אוּנְד וֶועמֶען הָאבּ אִיךְ בֶּערוֹיבְּט? אוּנְד וֶועמֶען הָאבּ אִיךְ אוּנְטֶערְדְרִיקְט? אוּנְד פוּן וֶועמֶענְס הַאנְד הָאבּ אִיךְ גֶענוּמֶען אַן אוֹיסְלֵייזוּנְג אוּנְד הָאבּ פוּן אִיהְם בֶּעהַאלְטֶען מֵיין אוֹיג? אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס צוּרִיקְגֶעבֶּען!

4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט אוּנְס נִיט בֶּערוֹיבְּט, אוּנְד דוּא הָאסְט אוּנְס נִיט אוּנְטֶערְדְרִיקְט, אוּנְד דוּא הָאסְט אוֹיךְ גָארְנִיט גֶענוּמֶען פוּן קֵיינֶעמְ'ס הַאנְד!

5 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גָאט אִיז קֶעגֶען אֵייךְ עֵדוּת, אוּנְד זֵיין גֶעזַאלְבְּטֶער אִיז דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג עֵדוּת, דָאס אִיהְר הָאט גָארְנִיט אִין מֵיינֶע הַאנְד גֶעפוּנֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר אִיז אֵיין עֵדוּת

6 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, עֶס אִיז גָאט וָואס הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן, אוּנְד וָואס הָאט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אֵייעֶרֶע אָבוֹת פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרָיִם:

7 אוּנְד אַצוּנְד שְׁטֶעלְט אֵייךְ אַהֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ מִיט אֵייךְ רִיכְטֶען פַאר גָאט וֶועגֶען אַלֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט, וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ אֵייךְ אוּנְד צוּ אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן:

8 וֶוען יַעֲקֹב אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ מִצְרַיִם, אוּנְד אֵייעֶרֶע אָבוֹת הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן צוּ גָאט, אַזוֹי הָאט גָאט גֶעשִׁיקְט מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוֹיס מִצְרַיִם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֶּעזֶעצְט אִין דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט:

9 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען פֶערְגֶעסֶען דֶעם הַאר זֵייעֶר גָאט, אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט אִין דִיא הַאנְד פוּן סִסְרָא, אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶעם חַיִל פוּן חָצוֹר, אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן מוֹאָב, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מִיט זֵייא מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען:

10 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן צוּ גָאט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, ווייל מִיר הָאבֶּען פֶערְלָאזֶען גָאט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעדִינְט דֶעם בְּעָלִים אוּנְד עַשְׁתָּרוֹת; אוּנְד אַצוּנְד זֵייא אוּנְס מַצִיל פוּן דִיא הַאנְד פוּן אוּנְזֶערֶע פֵיינְד אוּנְד מִיר וֶועלֶען דִיר דִינֶען:

11 אַזוֹי הָאט גָאט גֶעשִׁיקְט דֶען יְרֻבַּעַל, אוּנְד בְּדָן, אוּנְד יִפְתָּח, אוּנְד שְׁמוּאֵל, אוּנְד עֶר הָאט אֵייךְ מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא הַאנְד פוּן אֵייעֶרֶע פֵיינְד אַרִינְגְס אַרוּם, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעווֹאוֹינְט אִין זִיכֶערְהֵייט:

12 אוּנְד וֶוען אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז נָחָשׁ, דֶער מֶלֶךְ פוּן דִיא קִינְדֶער עַמּוֹן אִיז קֶעגֶען אֵייךְ גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט

אִיהְר צוּ מִיר גֶעזָאגְט, נַיין! נֵייעֶרְט אַ
מֶלֶךְ זָאל אִיבֶּער אוּנְס רֶעגִירֶען, װֶוען
יְהֹוָה אֵייעֶר גָאט אִיז גֶעװֶועזֶען אֵייעֶר
קֶענִיג׃
13 אוּנְד אַצוּנְד, זֶעהְט דֶעם מֶלֶךְ
וָואס אִיהְר הָאט אֵייךְ אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְט,
אוּנְד וָואס אִיהְר הָאט פֶערְלַאנְגְט!
אוּנְד זֶעהְט גָאט הָאט אִיבֶּער אֵייךְ
גֶעגֶעבֶּען אַ מֶלֶךְ׃
14 אוֹיבּ אִיהְר װֶועט גָאט פָארְכְטֶען,
אוּנְד אִיהְר װֶועט אִיהְם דִינֶען, אוּנְד
גֶעהָארְכֶען צוּ זַיינֶע שְׁטִים, אוּנְד אִיהְר
װֶועט נִיט װִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶען קֶעגֶען דֶעם
בֶּעפֶעהְל פוּן יְהֹוָה, אַזוֹי װֶועט אִיהְר
אוּנְד אוֹיךְ דֶער מֶלֶךְ וָואס רֶעגִירְט
אִיבֶּער אֵייךְ בְּלֵייבֶּען, װֶוען אִיהְר װֶועט
נָאכְפָאלְגֶען יְהֹוָה אֵייעֶר גָאט׃
15 אָבֶּער װֶוען אִיהְר װֶועט נִיט גֶע־
הָארְכֶען צוּ דֶעם קוֹל פוּן יְהֹוָה, אוּנְד
אִיהְר װֶועט װִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶען קֶעגֶען דֶעם
בֶּעפֶעהְל פוּן יְהֹוָה, אַזוֹי װֶועט דִיא
הַאנְד פוּן יְהֹוָה זַיין קֶעגֶען אֵייךְ אוּנְד
קֶעגֶען אֵיירֶע עֶלְטֶערְן׃
16 אוּנְד אַצוּנְד שְׁטֶעלְט אֵייךְ אַנִידֶער
אוּנְד זֶעהְט דִיא דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע זַאךְ,
וָואס גָאט װֶועט טְהוּן פַאר אֵיירֶע
אוֹיגֶען׃
17 אִיז נִיט הֵיינְט דֶער שְׁנִיט פוּן
װֵייץ? אִיךְ װֶועל צוּ גָאט רוּפֶען, אוּנְד
עֶר װֶועט גֶעבֶּען דוּנֶער אוּנְד רֶעגֶען;
אַז אִיהְר זָאלְט דֶערְקֶענֶען אוּנְד זֶעהֶען
אַז אֵיירֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אִיז גְרוֹיס וָואס
אִיהְר הָאט גֶעטְהוּן אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן
גָאט דָאס אִיהְר הָאט פַאר אֵייךְ
פֶערְלַאנְגְט אַ מֶלֶךְ׃
18 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶערוּפֶען צוּ
גָאט, אוּנְד גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען דוּנֶער
אוּנְד רֶעגֶען אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג,
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט זֶעהְר
גֶעפָארְכְטֶען פַאר גָאט אוּנְד שְׁמוּאֵל׃
19 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט
גֶעזָאגְט צוּ שְׁמוּאֵל, בֶּעט פַאר דֵיינֶע
קְנֶעכְט צוּ יְהֹוָה דֵיין גָאט אַז מִיר
זָאלֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען, וָוארִין מִיר
הָאבֶּען גֶעמֶעהְרְט אִיבֶּער אַלֶע אוּנְזֶערֶע
זִינְד דָאס שְׁלֶעכְטֶע, פַאר אוּנְס צוּ
פֶערְלַאנְגֶען אַ מֶלֶךְ׃
20 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
פָאלְק, הָאט קֵיין מוֹרָא, אִיהְר הָאט
גֶעטְהוּן דָאס דָאזִיגֶע שְׁלֶעכְטֶע; אָבֶּער
קֶעהְרְט שׁוֹין נִיט װֵייטֶער אָפּ פוּן יְהֹוָה,
נֵייעֶרְט דִינְט יְהֹוָה מִיט אֵיירֶע גַאנְצֶע
הֶערְצֶער׃
21 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט אָפְּקֶעהְרֶען,
וָוארִין (װֶוען אַנְדֶערְשְׁט) אִיהְר װֶועט
נָאכְגֵיין װִיסְטֶע זַאכֶען וָואס טוֹיגֶען
נִיט, אוּנְד וָואס קֶענֶען אֵייךְ נִיט מַצִיל
זַיין, װֵייל זֵייא זֶענֶען װִיסְט׃
22 וָוארִין גָאט װֶועט נִיט פֶערְלָאזֶען
זַיין פָאלְק פוּן װֶועגֶען זַיין גְרוֹיסֶען
נָאמֶען'ס װֶועגֶען, װֵייל גָאט הָאט אֵייךְ
גֶעװָאלְט מַאכֶען צוּ זִיךְ פַאר אַ פָאלְק׃
23 אוֹיךְ פוּן מִיר זָאל עֶס זַיין פֶערְ־
מִיטֶען (חָלִילָה) אַז אִיךְ זָאל זִינְדִיגֶען
קֶעגֶען גָאט, אוּנְד אוֹיפְצוּהֶערֶען פוּן
אֵיירֶעטְװֶועגֶען צוּ בֶּעטֶען, נֵייעֶרְט אִיךְ
װֶועל אֵייךְ לֶערְנֶען דֶעם גוּטֶען אוּנְד
רֶעכְטפַארְטִיגֶען װֶועג׃
24 נֵייעֶרְט פָארְכְט אֵייךְ פַאר גָאט,
אוּנְד דִינְט אִיהְם מִיט וַואהְרְהֵייט,
אוּנְד מִיט אֵייעֶר גַאנְצֶען הַארְץ, וָוארִין
זֶעהְט וָואס פַאר גְרוֹיסֶעס עֶר הָאט
מִיט אֵייךְ גֶעטְהוּן׃
25 אָבֶּער װֶוען אִיהְר װֶועט גֶעװִויס

בּײַיעֶס טְהוּן אַזוֹי װֶעט אִיהְר אוּנְד אוֹיךְ אֵייעֶר מֶלֶךְ פֶערְטִילְגְט װֶערֶען ׃

קאפּיטעל יג

1 שָׁאוּל אִיז גֶעװֶעזֶען קֶענִיג אַ יָאהְר, אוּנְד װֶוען עֶר הָאט רֶעגִירְט צְװֵייא יָאהְר אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל ׃

2 אַזוֹי הָאט זִיךְ שָׁאוּל אוֹיסְדֶערְװֶוײלְט דְרֵייא טױזֶענְד מַאן אוֹיס יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעװֶעזֶען מִיט שָׁאוּל צְװֵייא טױזֶענְד אִין מִכְמָשׁ אוּנְד אוֹיף דֶעם בַּארְג בֵּית אֵל, אוּנְד טױזֶענְד זֶענֶען גֶעװֶעזֶען מִיט יוֹנָתָן אִין גִבְעַת בִּנְיָמִן ; אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע פוּן דֶעם פָּאלְק הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט אִיטְלִיכֶען צוּ זֵיין גֶעצֶעלְט ׃

3 אוּנְד יוֹנָתָן הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם אָנְגֶעשְׁטֶעלְטֶען אִיבֶּער דִיא פְּלִשְׁתִּים װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען אִין גֶבַע, אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט, אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעלָאזְט שׁוֹפָר בְּלָאזֶען דוּרְךְ דָאס גַאנְצֶע לַאנְד, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, לָאזֶען עֶס דִיא עִבְרִים הֶערֶען ׃

4 אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעהֶערְט זָאגֶען אַז שָׁאוּל הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דִיא אָנְגֶעשְׁטֶעלְטֶע פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶעמַאכְט שְׁטִינְקֶען צְװִישֶׁען דִיא פְּלִשְׁתִּים ; אוּנְד דָאס פָּאלְק אִיז פֶערְזַאמֶעלְט גֶעװָארֶען הִינְטֶער שָׁאוּל נָאךְ גִלְגָל ׃

5 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט יִשְׂרָאֵל, דְרֵייסִיג טױזֶענְד רֵייטְװֶעגֶען, אוּנְד זֶעקְס טױזֶענְד רֵייטֶער, אוּנְד פָּאלְק אַזוֹי פִּיעֶל װִיא דֶער זַאנְד װָאס אִיז אַם בָּארְטֶען פוּן דֶעם יַם, אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט בֵּייא מִכְמָשׁ, אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט פוּן בֵּית אָוֶן ׃

6 װֶען דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז עֶס אִיז אִיהְם עֶנְג, װָארִין דָאס פָּאלְק אִיז בֶּעצְװִיאוּנְגֶען גֶעװָארֶען, אַזוֹי הָאט זִיךְ דָאס פָּאלְק בֶּעהַאלְטֶען אִין הֵייבְלֶען אוּנְד צְװִישֶׁען דִיא דֶערְנֶער, אוּנְד פֶעלְזֶען, אוּנְד לֶעכֶער אוּנְד גְרוּבֶּען ׃

7 אוּנְד דִיא עִבְרִים זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דֶעם יַרְדֵן צוּ דֶעם לַאנְד גָד, אוּנְד גִלְעָד, אָבֶּער שָׁאוּל אִיז נָאךְ גֶעװֶעזֶען אִין גִלְגָל, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָּאלְק הָאט הִינְטֶער אִיהְם גֶעצִיטֶערְט ׃

8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעװַארְט זִיבֶּען טֶעג אַזוֹי װִיא שְׁמוּאֵל הָאט אִיהְם בֶּעשְׁטִימְט, אָבֶּער שְׁמוּאֵל אִיז נִיט גֶעקוּמֶען נָאךְ גִלְגָל, אוּנְד דָאס פָּאלְק הָאט זִיךְ פוּן אִיהְם פֶערְשְׁפְּרֵייט ׃

9 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט, בְּרֶענְגְט צוּ מִיר אַהֶער דָאס קָרְבָּן עוֹלָה אוּנְד שְׁלָמִים, אוּנְד עֶר הָאט מַקְרִיב גֶעװֶעזֶען דָאס קָרְבָּן עוֹלָה ׃

10 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען עֶר הָאט פֶערְלֶענְט מַקְרִיב צוּ זֵיין דָאס קָרְבָּן עוֹלָה, זֶעה אַזוֹי אִיז שְׁמוּאֵל גֶעקוּמֶען, אוּנְד שָׁאוּל אִיז אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען עֶנְטְקֶעגֶען, אוּם אִיהְם צוּ בֶּענְשֶׁען ׃

11 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט, װָאס הָאסְט דוּא גֶעטְהוּן ? אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט, װֵייל אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַז דָאס פָּאלְק הָאט זִיךְ פוּן מִיר פֶערְשְׁפְּרֵייט, אוּנְד דוּא בִּיזְט נִיט גֶעקוּמֶען צוּ דִיא בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייט, אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט אִין מִכְמָשׁ ׃

12 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מִיר גֶעטְרַאכְט אַז

דִיא פְּלִשְׁתִּים וֶועלֶען אַצוּנְד צוּ מִיר
אַרוּפְּקוּמֶען נָאךְ גִלְגָל, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
נִיט גֶעבֶּעטֶען פַאר גָאט, אַזוֹי הָאבּ
אִיךְ מִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אוּנְד הָאבּ מַקְרִיב
גֶעוֶועזֶען דָאס קָרְבָּן עוֹלָה׃
13 אָבֶּער שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ
שָׁאוּל, דוּא הָאסְט נַארִישׁ גֶעהַאנְדֶעלְט,
דוּא הָאסְט נִיט גֶעהִיט דָאס גֶעבָּאט
פוּן יְהוָֹה דֵיין גָאט וָואס עֶר הָאט דִיר
גֶעבָּאטֶען, וָוארִין אַצוּנְד הֶעט אוֹיךְ
גָאט דֵיינֶע מְלוּכָה אָנְגֶעבְּרֵייט אִיבֶּער
יִשְׂרָאֵל אוֹיף אֵייבִּיג׃
14 אָבֶּער אַצוּנְד וֶועט דֵיינֶע מְלוּכָה
נִיט בֶּעשְׁטֵיין, גָאט הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעזוּכְט
אַ מַאן נָאךְ זֵיין הַארְץ, אוּנְד גָאט הָאט
אִיהְם גֶעבָּאטֶען צוּ זֵיין אַ הַאר אִיבֶּער
זֵיין פָאלְק, וָוייל דוּא הָאסְט נִיט גֶעהִיט
דָאס וָואס גָאט הָאט דִיר גֶעבָּאטֶען׃
15 אוּנְד שְׁמוּאֵל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן גִלְגָל
נָאךְ גִבְעַת בִּנְיָמִן, אוּנְד שָׁאוּל הָאט
גֶעצֵיילְט דָאס פָאלְק וָואס אִיז מִיט
אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אַן עֶרֶךְ פוּן זֶעקְס
הוּנְדֶערְט מַאן׃
16 אוּנְד שָׁאוּל, אוּנְד זֵיין זוּהְן יוֹנָתָן
אוּנְד דָאס פָאלְק וָואס אִיז גֶעפוּנֶען
גֶעוָוארֶען מִיט זֵייא זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען
אִין גֶבַע בִּנְיָמִן, אָבֶּער דִיא פְּלִשְׁתִּים
הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אִין מִכְמָשׂ׃
17 אוּנְד דֶער פֶערְדַארְבֶּער אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער מַחֲנֶה פוּן
דִיא פְּלִשְׁתִּים אִין דְרֵייא הוֹיפְּטטֵייל,
אֵיין טֵייל הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט אוֹיף
דֶעם וֶועג נָאךְ עָפְרָה, צוּ דֶעם לַאנְד
שׁוּעָל׃
18 אוּנְד אֵיין טֵייל הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט
אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן בֵּית חוֹרוֹן, אוּנְד
אֵיין טֵייל הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט אוֹיף
דֶעם וֶועג פוּן דֶער גְרֶענֶעץ, וָואס
קוּקְט אַרוֹיס אִיבֶּער דֶעם טָאל פוּן דִיא
צְבוֹעִים נָאךְ דֶער מִדְבָּר צוּ׃
19 אוּנְד עֶס הָאט זִיךְ נִיט גֶעפוּנֶען
אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל אַ
שְׁמִיד, וָוארִין דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, טָאמֶער וֶועלֶען זִיךְ דִיא עִבְרִים
מַאכֶען שְׁוֶוערְד אָדֶער שְׁפִּיזֶען׃
20 אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל אִיז אַרוּפְּ־
גֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא פְּלִשְׁתִּים, אַז אִיטְלִיכֶער
זָאל שַׁארְפֶען זֵיין אַקֶער־אֵייזֶען, אוּנְד
זֵיין שְׁנֵייד־מֶעסֶער, אוּנְד זֵיינֶע הַאק,
אוּנְד זֵיינֶע הוּבֶּעל׃
21 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאט אַ פֵּייל
דַאמִיט צוּ שַׁארְפֶען דִיא הוּבֶּעלְן אוּנְד
דִיא שְׁנֵייד־מֶעסֶער, אוּנְד דִיא מִיסְט־
גָאבֶּעלְן, אוּנְד פַאר דִיא הַאקֶען, אוּנְד
דִיא אָקְסֶען שְׁטַאבֶּעל, אִין הָאלְץ
אַרֵיינְצוּשְׁטֶעלֶען׃
22 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
טָאג פוּן דֶער מִלְחָמָה, אַזוֹי הָאט זִיךְ
נִיט פָארְגֶעפוּנֶען אִין דֶער הַאנְד פוּן
דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
מִיט שָׁאוּל אוּנְד יוֹנָתָן קֵיין שְׁוֶוערְט
אוּנְד קֵיין שְׁפִּיז, נָאר אִין דֶער הַאנְד
פוּן שָׁאוּל אוּנְד יוֹנָתָן אַלֵיין׃
23 אוּנְד דִיא אָנְגֶעשְׁטֶעלְטֶע (וֶועכְטֶער)
פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
צוּ דֶער אִיבֶּערְפָאהְרְט פוּן מִכְמָשׂ׃

## קאפּיטעל יד

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַן אַ גֶעוִויסֶען
טָאג, אַזוֹי הָאט יוֹנָתָן דֶער זוּהְן פוּן
שָׁאוּל גֶעזָאגְט צוּ זֵיין יוּנְג וָואס הָאט
גֶעטְרָאגֶען זֵיין כְּלֵי זַיִן, קוּם, לָאמִיר
אַרִיבֶּערְגֵיין צוּ דִיא אָנְגֶעשְׁטֶעלְטֶע פוּן
דִיא פְּלִשְׁתִּים, וָואס זֶענֶען דָארְט אוֹיף

דער אַנדערע זייט, אָבּער ער האָט עס
ניט געזאָגט צו זיין פאָטער:
2 אונד שאול איז געבּליבּען אין דעם
עק פון גבעה, אונטער א מילגרוים
בּוים, וואָס איז געוועזען אין מגרון,
אונד דאָס פאָלק וואָס איז מיט איהם
געוועזען וואַרען אונגעפעהר זעקס
הונדערט מאַן:
3 אונד אחיה, זוהן פון אחטוב, דער
בּרודער פון אי־כבוד, זוהן פון פינחס,
זוהן פון עלי, דער כהן פון יהוה אין
שלה האָט געטראָגען דעם אפוד,
אונד דאָס פאָלק האָט ניט געוואוסט
אַז יונתן איז אַוועקגעגאַנגען:
4 אונד צווישען דיא איבּערפאַרטען
וואָס יונתן האָט בּעגעהרט אַריבּערצו־
גיין צו דיא אָנגעשטעלטע פון דיא
פלשתים איז געוועזען א שפּיציגער
שטיין פון דיזער זייט אונד פון יענער
זייט, אונד דער נאָמען פון איינעם
איז געוועזען בּוצץ, אונד דער נאָמען
פון דעם אַנדערן סנה:
5 איין שפּיציגער (שטיין) איז גע־
וועזען אויפגעשטעלט פון צפון־זייט,
קעגען איבּער מכמש, אונד איינער אַן
דער דרום־זייט קעגען איבּער גבע:
6 אַזוי האָט יונתן געזאָגט צו דעם
יונג וואָס האָט געטראָגען זיין כלי זין,
לאָמער איבּערפאַהרען צו דיא דאָזיגע
אָנגעשטעלטע ערלים, טאָמער וועט
גאָט צו אונס טהון (א נס), וואָרין
בּייא גאָט איז קיין אויפהאַלטונג צו
העלפען מיט פילע אָדער מיט ווייניגע:
7 אונד דער וואָס האָט געטראָגען
זיינע כלים האָט צו איהם געזאָגט,
טהוא אַלעס וואָס איז אין דיין האַרץ,
גייא דיך, זעה, איך בּין מיט דיר אַזוי
וויא דיין האַרץ:
8 אונד יהונתן האָט געזאָגט, זעה,
מיר וועלען אַריבּערגיין צו דיא מענער,
אונד מיר וועלען זיך צו זייא ענטדע־
פּלעקען:
9 אונד ווען זייא וועלען צו אונס
זאָגען, בּלייבּט שטיל בּיז מיר וועלען
אייך דערגרייכען, אַזוי וועלען מיר
בּלייבּען שטיין אויף אונזער אָרט, אונד
מיר וועלען ניט צו זייא אַרויפגיין:
10 אָבּער ווען זייא וועלען זאָגען,
קומט אַרויף צו אונס, אַזוי וועלען מיר
אַרויפגיין, אונד דאָס דאָזיגע וועט זיין
א צייכען אַז גאָט האָט זייא געגעבּען
אין אונזערע האַנד אַריין:
11 אונד זייא האָבּען זיך בּיידע
ענטפּלעקט צו דיא אָנגעשטעלטע פון
דיא פלשתים, אונד דיא פלשתים
האָבּען געזאָגט, זעהט, דיא עברים
זענען אַרויסגעגאַנגען פון דיא לעכער,
וואו זייא האָבּען זיך דאָרט בּע־
האַלטען:
12 אונד דיא מענער פון דער אויפ־
שטעלונג האָבּען געענטפערט יונתן
אונד זיין געוועהר טראָגער, אונד זייא
האָבּען געזאָגט, קומט אַרויף צו אונס,
אונד מיר וועלען אייך לאָזען וויסען א
זאַך, אַזוי האָט יונתן געזאָגט צו זיין
געוועהר טראָגער, קום אַרויף הינטער
מיר, וואָרין גאָט האָט זייא געגעבּען
אין דיא האַנד פון ישראל:
13 אונד יונתן איז אַרויפגעגאַנגען
אויף זיינע הענד אונד אויף זיינע פיס,
אונד זיין געוועהר טרעגער הינטער
איהם, אונד זייא זענען געפאַלען פאַר
יונתן, אונד זיין געוועהר טרעגער האָט
זייא הינטער איהם געטייט:

14 אוּנְד דֶער עֶרְשְׁטֶער שְׁלַאק וָואס יוֹנָתָן אוּנְד זַיין גֶעוֶועהְר טְרֶעגֶער הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען, אִיז גֶעוֶועזֶען אַן עֶרְךְ פוּן צְוַואנְצִיג מַאן, אַזוֹי וִויא אֵיין הַאלְבֶּעס אַקֶערְלַאנְד וָואס אַ פָּאר אָקְסֶען קֶענֶען אַקֶערְן אַ פֶעלְד:

15 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ צִיטֶערְנִיס אִין דֶער מַחֲנֶה, אוּנְד אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד אוּנְטֶער דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, דִיא אוֹיפְשְׁטֶעלוּנְג אוּנְד דִיא פֶערְדַארְבֶּערְס הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעצִיטֶערְט, אוּנְד דִיא עֶרְד הָאט גֶעצִיטֶערְט, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ צִיטֶערְנִיס פוּן גָאט:

16 אוּנְד דִיא וֶועכְטֶערְס פוּן שָׁאוּל הָאבֶּען אוֹיסְגֶעקוּקְט נָאךְ גִבְעַת בִּנְיָמִן, אוּנְד זֶעה, דִיא מַאסְסֶע אִיז צוּגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען אַהִין אוּנְד אַהֶער גֶע־גַאנְגֶען:

17 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, צֵיילְט דָאךְ אוּנְד זֶעהְט וֶוער עֶס אִיז פוּן אוּנְס אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען; אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעצֵיילְט, אַזוֹי זֶענֶען יוֹנָתָן אוּנְד זַיין גֶעוֶועהְר טְרֶעגֶער נִיט דָא גֶעוֶועזֶען:

18 אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט צוּ אַחִיָה, גֶענֶעהְן דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, וָוארִין דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אִיז אַן דֶעם דָאזִיגֶען טָאג גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:

19 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז שָׁאוּל הָאט נָאךְ גֶערֶעט צוּ דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד דָאס גֶעטִימֶעל וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער מַחֲנֶה פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים אִיז נָאךְ גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען, אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט צוּ דֶעם כֹּהֵן, צִיה צוּרִיק דַיינֶע הַאנְד:

20 אוּנְד שָׁאוּל אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען הָאט זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד זֶעה, אִיטְלִיכֶענְס שְׁוֶוערְט אִיז גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען זַיין חָבֵר, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ זֶעהְר גְרוֹיס גֶעטִימֶעל:

21 אוּנְד דִיא עִבְרִים וָואס זֶענֶען פְרִיהֶער גֶעוֶועזֶען בֵּייא דִיא פְּלִשְׁתִּים, וָואס זֶענֶען מִיט זַייא אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער מַחֲנֶה רִינְגְס אַרוּם, זַייא זֶענֶען אוֹיךְ יֶעצְט גֶעוֶועזֶען מִיט יִשְׂרָאֵל וָואס וַוארֶען מִיט שָׁאוּל אוּנְד מִיט יוֹנָתָן:

22 אוּנְד וֶוען אַלֶע מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס הָאבֶּען זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג אֶפְרַיִם הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען עֶנְטְלָאפֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ אוֹיךְ בֶּעהֶעפְט הִינְטֶער זַייא אִין דֶער מִלְחָמָה:

23 אוּנְד גָאט הָאט אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעהָאלְפֶען יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דִיא מִלְחָמָה אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען בִּיז נָאךְ בֵּית אָוֶן:

24 אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג בֶּעצְוואוּנְגֶען גֶע־וָוארֶען, אוּנְד שָׁאוּל הָאט דָאס פָאלְק בֶּעשְׁוָוארֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, פֶערְפְלוּכְט אִיז דֶער מַאן וָואס וֶועט עֶסֶען בְּרוֹיט בִּיז אָבֶענְד, אוּנְד בִּיז אִיךְ הָאבּ מִיךְ נוֹקֵם גֶעוֶועזֶען אַן מֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט קֵיין שׁוּם שְׁפֵּייז נִיט פֶערְזוּכְט:

25 אוּנְד אַלֶע פוּן דֶעם לַאנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין וַואלְד אַרַיין, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען הָאנִיג אוֹיף דֶעם פֶעלְד:

26 אוּנְד וֶוען דָאס פָאלְק אִיז אִין

רֶעם וואַלְד אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, וָעה, אַזוי
הָאט דֶער הָאנִיג אַרוּפְּגֶעטְרִיפְּט, אָבֶּער
קֵיינֶער הָאט נִיט זֵיינֶע הַאנְד גֶעגְרֵייכְט
צוּ זֵיין מויל, וָוארִין דָאס פָּאלְק הָאט
מוֹרָא גֶעהַאט וֶוענֶען דִיא שְׁבֻעָה׃
27 אָבֶּער יוֹנָתָן הָאט נִיט גֶעהֶערְט
אַז זֵיין פָאטֶער הָאט דָאס פָּאלְק בֶּע־
שְׁוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט אויסְגֶעשְׁטְרֶעקְט
דָאס עֶנְד פוּן זֵיין שְׁטֶעקֶען וָואס עֶר
הָאט גֶעהַאט אִין זֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר
הָאט עֶס אֵיינְגֶעטוּנְקְט אִין דֶעם ווִילְדֶען
הָאנִיג, אוּנְד עֶר הָאט זֵיינֶע הַאנְד
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ זֵיין מויל, אוּנְד זֵיינֶע
אויגֶען זֶענֶען דֶערְלֵייכְטֶעט גֶעוָוארֶען׃
28 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דֶעם פָּאלְק הָאט
אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, דֵיין פָאטֶער הָאט דָאס פָּאלְק
בֶּעשְׁוָוארֶען, אַזוי צוּ זָאגֶען, פֶערְפְלוּכְט
זָאל זֵיין דֶער מַאן וָואס וֶועט הֵיינְט
עֶסֶען שְׁפֵּייז,—אוּנְד דָאס פָּאלְק אִיז
פֶערְמִידֶעט גֶעוֶועזֶען׃
29 אוּנְד יוֹנָתָן הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין
פָאטֶער הָאט בֶּעטְרִיבְּט דָאס לַאנְד,
זֶעהְט דָאךְ, ווִיא מֵיינֶע אויגֶען זֶענֶען
דֶערְלֵייכְטֶעט, ווֵייל אִיךְ הָאבּ פֶערְזוּכְט
אַ בִּיסֶעל פוּן דֶעם דָאזִיגֶען הָאנִיג׃
30 מִכָּל שֶׁכֵּן וֶוען דָאס פָּאלְק הֶעט
הֵיינְט גֶעגֶעסֶען פוּן דֶעם רוֹיבּ פוּן זֵיינֶע
פֵיינְד וָואס מֶען הָאט גֶעפוּנֶען? וֶוער
עֶס נִיט יֶעצְט גֶעוֶועזֶען אַ גְרֶעסֶערֶער
שְׁלַאק אוּנְטֶער דִיא פְּלִשְׁתִּים?
31 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג גֶעשְׁלָאגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים פוּן
מִכְמָשׁ בִּיז אַיָּלוֹן, אוּנְד דָאס פָּאלְק
אִיז זֶעהְר מִיד גֶעוֶועזֶען׃
32 אוּנְד דָאס פָּאלְק אִיז צוּגֶעפְלוֹיגֶען
צוּ דֶעם זַאק־רוֹיבּ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶענוּמֶען שָׁאף, אוּנְד רִינְדֶער, אוּנְד יוּנְגֶע
רִינְדֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶע־
שָׁאכְטֶען אויף דֶער עֶרְד, אוּנְד דָאס
פָּאלְק הָאט עֶס גֶעגֶעסֶען מִיט דֶעם
בְּלוּט׃
33 אוּנְד מֶען הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ
שָׁאוּל, אַזוי צוּ זָאגֶען, זֶעה, דָאס פָּאלְק
הָאט גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען גָאט, צוּ עֶסֶען
מִיט דֶעם בְּלוּט, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זָאגְט, אִיהְר הָאט גֶעפֶעלְשְׁט, וֶועלְגֶערְט
צוּ מִיר הֵיינְט אַ גְרויסֶען שְׁטֵיין׃
34 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
פָּאלְק, פֶערְשְׁפְּרֵייט אֵייךְ אוּנְטֶער דֶעם
פָּאלְק, אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּ זֵייא זָאגֶען,
גֶענֶעהְנְט צוּ מִיר אִיטְלִיכֶער זֵיין אָקְס,
אוּנְד אִיטְלִיכֶער זֵיין לֶעמֶעלֶע, אוּנְד
שֶׁעכְט עֶס דָא, אוּנְד עֶסְט עֶס, אַז
אִיהְר זָאלְט נִיט זִינְדִיגֶען קֶעגֶען גָאט
עֶס צוּ עֶסֶען מִיט דֶעם בְּלוּט, אַזוי
הָאט דָאס גַאנְצֶע פָּאלְק גֶענֶעהְנְט,
אִיטְלִיכֶער זֵיין אָקְס אִין זֵיינֶע הַאנְד,
בֵּייא נַאכְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס
דָארְט גֶעשָׁאכְטֶען׃
35 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעבּוֹיט אַ מִזְבֵּחַ
צוּ גָאט, מִיט אִיהְם הָאט עֶר אָנְגֶע־
הוֹיבֶּען צוּ בּוֹיעֶן אַ מִזְבֵּחַ צוּ גָאט׃
36 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט, לָאמֶער
אַרוּפְּגֵיין נָאךְ דִיא פְּלִשְׁתִּים בֵּייא נַאכְט,
אוּנְד מִיר וֶועלֶען זֵייא רוֹיבֶּען בִּיז צוּ
דֶעם מָארְגֶען־לִיכְט, אוּנְד מִיר וֶועלֶען
אוּנְטֶער זֵייא נִיט אִיבֶּערְלָאזֶען אַ מַאן!
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, טְהוּא אַלֶעס
וָואס אִיז גוּט אִין דֵיינֶע אויגֶען—אוּנְד
דֶער כֹּהֵן הָאט גֶעזָאגְט, לָאמֶער דָא
אַהֶער גֶענֶעהֶנֶען צוּ גָאט׃
37 אַזוי הָאט שָׁאוּל אָנְגֶעפְרֶעגְט בֵּייא
גָאט—זָאל אִיךְ אַרוּפְּגֵיין נָאךְ דִיא

פְּלִשְׁתִּים ? װעסט דוא זײא געבען אין
דיא האַנד פון יִשְׂרָאֵל ? אָבער ער
האָט איהם ניט געענטפערט אַן דעמ־
זעלביגען טאָג :
38 אונד שָׁאוּל האָט געזאָגט, געגעהנט
דאַ אַהער אַלע הױפּטלײטע פון דעם
פָאלק, אונד דערקענט אונד זעהט
מיט װאָס דיא דאָזיגע זינד איז הײנט
געװעזען :
39 װאָרין, אַזױ װאָהר װיא גאָט לעבט
װאָס האָט יִשְׂרָאֵל געהאָלפען, האָטשע
עס איז אין מײן זוהן יוֹנָתָן, אַזױ זאָל
ער געטײט װערען, אונד קײנער פון
דעם גאַנצען פָאלק האָט איהם גע־
ענטפערט :
40 אונד ער האָט געזאָגט צו גאַנץ
יִשְׂרָאֵל, איהר זאָלט זײן אױף אײן
זײט, אונד איך אונד מײן זוהן יוֹנָתָן
װעלען זײן אױף דער אַנדערע זײט,
אונד דאָס פָאלק האָט געזאָגט צו
שָׁאוּל, װאָס איז גוט אין דײנע אױגען
דאָס טהוא :
41 אונד שָׁאוּל האָט געזאָגט צו יְהֹוָה
דעם גאָט פון יִשְׂרָאֵל, גיעט אַ גאַנצען
(גוֹרָל), אַזױ זענען יוֹנָתָן אונד שָׁאוּל
געטראָפען געװאָרען, אונד דאָס פָאלק
איז אַרױסגעגאַנגען :
42 אונד שָׁאוּל האָט געזאָגט, װאַרפט
(גוֹרָל) צװישען מיר אונד צװישען מײן
זוהן יוֹנָתָן, אַזױ איז יוֹנָתָן געטראָפען
געװאָרען :
43 אַזױ האָט שָׁאוּל געזאָגט צו יוֹנָתָן,
זאָג מיר װאָס דוא האָסט געטהון,
אונד יוֹנָתָן האָט עס צו איהם דערצײלט,
אונד ער האָט געזאָגט, איך האָב נור
פערזוכט אַ ביסעל האָניג מיט דעם
עק פון דעם שטעקען װאָס איז אין
מײנע האַנד, װעה, איך מוס שטאַרבען :
44 אונד שָׁאוּל האָט געזאָגט, אַזױ
זאָל גאָט צו מיר טהון, אונד אַזױ פיל
מעהר, װאָרין דוא מוסט געװיס געטײט
װערען, יוֹנָתָן :
45 אונד דאָס פָאלק האָט געזאָגט צו
שָׁאוּל, זאָל יוֹנָתָן געטײט װערען װאָס
האָט געטהון דיא דאָזיגע גרױסע
יְשׁוּעָה אין יִשְׂרָאֵל ? חָלִילָה ! אַזױ װיא
גאָט לעבט, עס זאָל ניט אַ האָר פון
זײן קאָפּ אױף דער ערד פאַלען, װאָרין
ער האָט דאָס מיט גאָט געטהון דעם
הײנטיגען טאָג ; אַזױ האָט דאָס פָאלק
דעם יוֹנָתָן אױסדערלײזט אונד ער איז
ניט געשטאָרבען :
46 אונד שָׁאוּל איז אַרױפגעגאַנגען פון
הינטער דיא פְּלִשְׁתִּים, אונד דיא פְּלִשְׁתִּים
זענען אַהײנגעגאַנגען צו זײער אָרט :
47 אונד װען שָׁאוּל האָט אײנגענומען
דיא מְלוּכָה איבער יִשְׂרָאֵל, אַזױ האָט
ער מִלְחָמָה געהאַלטען מיט אַלע זײנע
פײנדע רינגס אַרום, מיט מוֹאָב, אונד
מיט דיא בְּנֵי עַמּוֹן, אונד מיט אֱדוֹם,
אונד מיט דיא קעניגע פון צוֹבָה,
אונד מיט דיא פְּלִשְׁתִּים, אונד איבעראַל
אַװאוּ ער האָט זיך געקעהרט, האָט
ער זײא שולדיג געמאַכט :
48 אונד ער האָט פערזאַמעלט אַ
חַיִל אונד האָט דען עֲמָלֵק געשלאָגען,
אונד ער האָט יִשְׂרָאֵל מַצִּיל געװעזען
פון זײן רױבער :
49 אונד דיא קינדער פון שָׁאוּל זענען
געװעזען, יוֹנָתָן, אונד יִשְׁוִי, אונד
מַלְכִּישׁוּעַ, אונד דיא נעמען פון זײנע
צװײא טעכטער װאַרען, דער נאָמען
פון דיא עלצטע מֵרַב, אונד פון דיא
יונגערע מִיכַל :

50 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן שָׁאוּל'ס פְרויא וַואר אֲחִינוֹעַם, טָאכְטֶער פוּן אֲחִימָעַץ, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם אָבֶּערשְׁטֶען אִיבֶּער זַיין חַיִל וַואר אַבְנֵר דֶער זוּהְן פוּן נֵר, שָׁאוּל'ס פֶעטֶער:

51 אוּנְד קִישׁ אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער פָאטֶער פוּן שָׁאוּל, אוּנְד נֵר דֶער פָאטֶער פוּן אַבְנֵר אִיז גֶעוֶועזֶען זוּהְן פוּן אֲבִיאֵל:

52 אוּנְד דִיא מִלְחָמָה אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְק קֶעגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים אַלֶע (לֶעבֶּענְס) טֶעג פוּן שָׁאוּל, אוּנְד וֶוען שָׁאוּל הָאט גֶעזֶעהֶען אִיטְלִיכֶען שְׁטַארְקֶען מַאן, אוּנְד אִיטְלִיכֶען חַיִל'ס מַאן אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְם צוּ זִיךְ אַיינְגֶעזַאמֶעלְט:

קאפיטעל טו

1 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, גָאט הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט דִיךְ צוּ זַאלְבֶּען אַלְס קֶענִיג אִיבֶּער זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אַצוּנְד הֶער צוּ דֶעם קוֹל פוּן דִיא וֶוערְטֶער פוּן גָאט:

2 אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת, אִיךְ גֶעדֶענְק וָואס עֲמָלֵק הָאט גֶעטְהוּן צוּ יִשְׂרָאֵל, וָואס עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן אוֹיף דֶעם וֶועג וֶוען עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם:

3 אַצוּנְד, גֵייא, אוּנְד שְׁלָאג דֶעם עֲמָלֵק, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זַייא פֶערְווִיסְטֶען, אוּנְד אַלֶעס וָואס גֶעהֶערְט צוּ אִיהְם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט אִיבֶּער אִיהְם דֶערְבַּארְמֶען, נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט אִיהְם טֵייטֶען, פוּן אַ מַאן בִּיז צוּ אַ ווַייבּ, פוּן אַ יוּנְג קִינְד בִּיז צוּ אַ זֵייגֶענְדִיג קִינְד, פוּן אַן אָקְס בִּיז צוּ אַ שָׁאף, פוּן אַ קֶעמֶעל בִּיז צוּ אַן אֵייזֶעל:

4 אוּנְד שָׁאוּל הָאט עֶס גֶעלָאזְט אוֹיסְרוּפֶען אוּנְטֶער דֶעם פָאלְק, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעצֵיילְט מִיט שֶׁעפֶּעלֶעךְ, צְווַייא הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פוּס־גֵייעֶרְס, אוּנְד צֶעהְן טוֹיזֶענְד מַאן פוּן יְהוּדָה:

5 אוּנְד שָׁאוּל אִיז גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֶער שְׁטָאט פוּן עֲמָלֵק, אוּנְד עֶר הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען אִין דֶעם טְהָאל:

6 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם קֵינִי, גֵייט אוּנְד קֶעהְרְט אֵייךְ אַוֶועק, אוּנְד גֵייט אַרוּפ פוּן צְווִישֶׁען דֶעם עֲמָלֵק, טָאמֶער וֶועל אִיךְ דִיךְ פֶערְדַארְבֶּען מִיט אִיהְם, וָוארִין דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן חֶסֶד מִיט אַלֶע קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל וֶוען זַייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם, אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער קֵינִי אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט פוּן צְווִישֶׁען עֲמָלֵק:

7 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם עֲמָלֵק, פוּן חֲוִילָה בִּיז מֶען קוּמְט נָאךְ שׁוּר, וָואס אִיז פַאר מִצְרַיִם:

8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעכַאפְּט דֶעם אֲגָג, מֶלֶךְ פוּן עֲמָלֵק לֶעבֶּעדִיג, אָבֶּער דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט עֶר פֶערְווִיסְט דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְט:

9 אוּנְד שָׁאוּל הָאט זִיךְ דֶערְבַּארְמְט מִיט דֶעם פָאלְק אִיבֶּער אֲגָג, אוּנְד אִיבֶּער דִיא בֶּעסְטֶע שָׁאף, אוּנְד רִינְדֶער, אוּנְד אִיבֶּער דִיא פֶעטְסְטֶע שָׁאף, אוּנְד אִיבֶּער אַלֶעס בֶּעסְטֶע, אוּנְד עֶר הָאט עֶס נִיט גֶעוָואלְט פֶערְווִיסְטֶען, אָבֶּער אַלֶעס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פֶערַאכְט אוּנְד פֶערְוָוארְפֶען דָאס הָאבֶּען זַייא פֶערְווִיסְט:

10 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ שְׁמוּאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

11 אִיךְ הָאבּ חֲרָטָה וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעקְרוֹינְט שָׁאוּל'ן צוּ זַיין אַ מֶלֶךְ, ווַייל עֶר הָאט זִיךְ אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן

הִינְטֶער מִיר, אוּנְד עֶר הָאט נִיט
מְקַיֵּים גֶעוֶועזֶען מֵיינֶע וֶוערְטֶער, אוּנְד
עֶס הָאט שְׁמוּאֵל גֶעגְרִימְט, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעשְׁרִיעֶן צוּ גָאט דִיא גַאנְצֶע
נַאכְט :
12 אוּנְד שְׁמוּאֵל אִיז פְּרִיה אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען, אוּנְד אִיז אַם מָארְגֶען שָׁאוּל'ן
עֶנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶס אִיז צוּ
שְׁמוּאֵל אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען אַז שָׁאוּל
אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ כַּרְמֶל, אוּנְד זֶעה,
עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אַן אָרְט
(אַ מִזְבֵּחַ) אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַרוּמְ־
גֶערִינְגֶעלְט, אוּנְד אִיז אִיבֶּערְגֶעפָאהְרֶען,
אוּנְד אַרוּנְטֶער גֶעגַאנְגֶען נָאךְ גִלְגָל :
13 אוּנְד וֶוען שְׁמוּאֵל אִיז גֶעקוּמֶען צוּ
שָׁאוּל, אַזוֹי הָאט שָׁאוּל צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט בִּיזְט דוּא פוּן גָאט !
אִיךְ הָאבּ מְקַיֵּים גֶעוֶועזֶען דָאס וָוארְט
פוּן גָאט :
14 אַזוֹי הָאט שְׁמוּאֵל גֶעזָאגְט, וָואס
אִיז דָאס קוֹל פוּן דִיא דָאזִיגֶע שָׁאף
אִין מֵיינֶע אוֹיעֶרֶן ? אוּנְד דָאס קוֹל פוּן
דִיא רִינְדֶער וָואס אִיךְ הֶער ?
15 אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט, זַייא
הָאבֶּען זַייא גֶעבְּרַאכְט פוּן עֲמָלֵק,
דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ דֶערְבַּארְמְט
אִיבֶּער דִיא בֶּעסְטֶע שָׁאף אוּנְד רִינְדֶער,
אַז מֶען זָאל עֶס מַקְרִיב זַיין צוּ יְהוָֹה
דַיין גָאט ; אָבֶּער דָאס אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען
מִיר פֶערְוִויסְט :
16 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ
שָׁאוּל, וַוארְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ דִיר
אָנְזָאגֶען דָאס וָוארְט וָואס גָאט הָאט
צוּ מִיר גֶעזָאגְט דִיא נַאכְט ; אוּנְד עֶר
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רֶעד :
17 אַזוֹי הָאט שְׁמוּאֵל גֶעזָאגְט, אִיז
עֶס נִיט גֶעוֶועזֶען וֶוען דוּא בִּיזְט קְלֵיין
גֶעוֶועזֶען אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, אַזוֹי בִּיזְט
דוּא גֶעוָוארֶען דָאס הוֹיפְּט פוּן דִיא
שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד גָאט הָאט
דִיךְ גֶעזַאלְבְּט אַלְס קֶענִיג אִיבֶּער
יִשְׂרָאֵל :
18 אוּנְד גָאט הָאט דִיךְ גֶעשִׁיקְט אִין
דֶעם וֶועג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
גֵייא, אוּנְד פֶּערְוִויסְט דִיא זִינְדִיגֶע פוּן
עֲמָלֵק, אוּנְד זָאלְסְט מִיט אִיהְם מִלְחָמָה
הַאלְטֶען בִּיז דוּא וֶועסְט זַייא פֶּערְ־
טִילְגֶען :
19 אוּנְד וַוארוּם הָאסְט דוּא נִיט גֶע־
הָארְכְט אַן דִיא שְׁטִים פוּן גָאט, אוּנְד
בִּיזְט גֶעפְלוֹיגֶען צוּ דֶעם רוֹיבּ, אוּנְד
דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס אִין דִיא
אוֹיגֶען פוּן גָאט :
20 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ
שְׁמוּאֵל, אִיךְ הָאבּ גֶעהָארְכְט צוּ דֶער
שְׁטִים פוּן גָאט, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען
אִין דֶעם וֶועג וָואס גָאט הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעבְּרַאכְט
דֶעם אֲגַג, קֶענִיג פוּן עֲמָלֵק, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ פֶּערְוִויסְט דֶעם עֲמָלֵק :
21 אָבֶּער דָאס פָאלְק הָאט גֶענוּמֶען
פוּן דֶעם רוֹיבּ, שָׁאף אוּנְד רִינְדֶער,
אֵיידֶער מֶען הָאט עֶס מַחְרִים גֶעוֶועזֶען,
אוּם מַקְרִיב צוּ זַיין צוּ יְהוָֹה דֵיין גָאט,
אִין גִלְגָל :
22 אַזוֹי הָאט שְׁמוּאֵל גֶעזָאגְט, הָאט
גָאט אַזוֹי אַ גְרוֹיסֶע לוּסְט אַן בְּרַאנְד־
אָפְּפֶער אוּנְד שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער וִויא צוּ
גֶעהָארְכֶען אַן דֶער שְׁטִים פוּן יְהוָֹה ?
זֶעה, צוּ גֶעהָארְכֶען אִיז בֶּעסֶער וִויא
קָרְבָּנוֹת, אוּנְד צוּ פֶּערְנֶעמֶען אִיז בֶּעסֶער
וִויא דָאס חֵלֶב פוּן ווִידֶער :
23 וָוארִין אַזוֹי וִויא דִיא זִינְד פוּן
כִּשּׁוּף אִיז דִיא וִוידֶערשְׁפֶּענִיגְקֵייט, אוּנְד

אַזוי וִויא דִיא זִינְד פוּן אָפְּגֶעטֶערַייא אִיז דִיא טְרָאצִיגְקַייט; וָוייל דוּא הָאסְט פֶערְוָוארְפֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט, אַזוי הָאט עֶר דִיךְ פֶערְוָוארְפֶען פוּן צוּ זַיין אַ קֶענִיג:

24 אַזוי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט צוּ שְׁמוּאֵל, אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט, וָוייל אִיךְ הָאבּ עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן גָאט, אוּנְד (אוֹיךְ) דַיין וָוארְט, וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעפָארְכְטֶען פַאר דֶעם פָאלְק, דַארוּם הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט אוֹיף זַייעֶר קוֹל:

25 אָבֶּער אַצוּנְד בֶּעט אִיךְ פֶערְגֶעבּ מִיר מֵיינֶע זִינְד, אוּנְד קֶעהְר צוּרִיק מִיט מִיר אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ בִּיקֶען צוּ גָאט:

26 אָבֶּער שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט מִיט דִיר אוּמְקֶעהְרֶען, וַוייל דוּא הָאסְט פֶערְוָוארְפֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט אַזוי הָאט דִיךְ גָאט (אוֹיךְ) פֶערְוָוארְפֶען פוּן צוּ זַיין אַ קֶענִיג אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל:

27 אוּנְד וֶוען שְׁמוּאֵל הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אַוֶועק צוּ גֵיין, הָאט עֶר אָנְגֶעכַאפְּט אָן דֶעם עֶק פוּן זַיין מַאנְטֶעל אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם צֶערִיסֶען:

28 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גָאט הָאט הֵיינְט אַוֶועקְגֶעריסֶען דָאס מַלְכוּת פוּן יִשְׂרָאֵל פוּן דִיר, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ דַיין פְרֵיינְד וָואס אִיז בֶּעסֶער פוּן דִיר:

29 אוּנְד אוֹיךְ דֶער שְׁטַארְקֶער פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועט נִיט לֵייקֶענֶען, אוּנְד עֶר וֶועט נִיט חֲרָטָה הָאבֶּען, וָוארִין עֶר אִיז נִיט אַ מֶענְשׁ אַז עֶר זָאל חֲרָטָה הָאבֶּען:

30 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט! אָבֶּער עֶהְר מִיךְ דָאךְ יֶעצְט פַאר דִיא עֶלְצְטֶע פוּן מֵיין פָאלְק, אוּנְד פַאר יִשְׂרָאֵל, אוּנְד קֶעהְר אוּם מִיט מִיר אַז אִיךְ זָאל מִיךְ בִּיקֶען צוּ יְהוָֹה דֵיין גָאט:

31 אַזוי הָאט זִיךְ שְׁמוּאֵל אוּמְגֶעקֶעהְרְט הִינְטֶער שָׁאוּל, אוּנְד שָׁאוּל הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ יְהוָֹה:

32 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט, גֶענֶעהֶנְט צוּ מִיר דֶעם אֲגַג קֶענִיג פוּן עֲמָלֵק, אַזוי אִיז אֲגַג צוּ אִיהְם גֶעגַאנְגֶען מִיט פְרֵייד, אוּנְד אֲגַג הָאט גֶעזָאגְט, פַאר וָואהְר, דֶער בִּיטֶערֶער טוֹיט הָאט זִיךְ (פוּן מִיר) גֶעקֶעהְרְט:

33 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט, אַזוי וִויא דוּא הָאסְט דוּרְךְ דַיין שְׁוֶוערְט וַוייבֶּער בֶּערוֹיבְּט (פוּן קִינְדֶער) אַזוי וֶועט דַיינֶע מוּטֶער מֶעהְר בֶּערוֹיבְּט זַיין, אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט דֶעם אֲגַג צוּשְׁפָּאלְטֶען פַאר גָאט אִין גִלְגָל:

34 אוּנְד שְׁמוּאֵל אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ רָמָה, אוּנְד שָׁאוּל אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין הוֹיז נָאךְ גִבְעַת שָׁאוּל:

35 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט שָׁאוּל'ן נִיט מֶעהְר גֶעזֶעהֶען בִּיז צוּ דֶעם טָאג פוּן זַיין טוֹיט, וָוארִין שְׁמוּאֵל הָאט גֶעטְרוֹיעֶרְט וֶועגֶען שָׁאוּל; אוּנְד יְהוָֹה הָאט חֲרָטָה גֶעהַאט וָואס עֶר הָאט שָׁאוּל'ן גֶעמַאכְט אַלְס קֶענִיג אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל:

## קאפיטעל טז

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ שְׁמוּאֵל, בִּיז וִויא לַאנְג וֶועסְט דוּא טְרוֹיעֶרֶען אִיבֶּער שָׁאוּל, וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהְם דָאךְ פֶערְוָוארְפֶען אַז עֶר זָאל נִיט רֶעגִירֶען אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל? פִיל אָן דַיין

הָארְן מִיט אֵייל, אוּנְד גֵייא, אִיךְ װֶעל
דִיךְ שִׁיקֶען צוּ יִשַׁי פוּן בֵּית לֶחֶם,
וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיר דֶערזֶעהֶען אוּנְטֶער
זַיינֶע זִיהְן אֵיינֶעם וָואס וֶועט זַיין אַ
מֶלֶךְ פַאר מִיר :
2 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט, וִויא
אַזוֹי קֶען אִיךְ גֵיין ? וֶוען שָׁאוּל וֶועט
עֶס הֶערֶען אַזוֹי וֶועט עֶר מִיךְ הַרְגֶענֶען,
אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט
אִין דַיינֶע הַאנְד גֶענֶעמֶען אַ קַאלְבּ פוּן
דִיא רִינְדֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען,
אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען מַקְרִיב צוּ זַיין צוּ
גָאט :
3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט רוּפֶען יִשַׁי צוּ
דֶעם קָרְבָּן, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר לָאזֶען
וִויסֶען וָואס דוּא זָאלְסְט טְהוּן, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט צוּ מִיר זַאלְבֶּען דֶעם וָואס
אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען :
4 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעטְהוּן דָאס
וָואס גָאט הָאט גֶערֶעט, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעקוּמֶען נָאךְ בֵּית לֶחֶם, אוּנְד דִיא
עֶלְצְטֶע פוּן דֶער שְׁטָאט זֶענֶען אִיהְם
מִיט צִיטֶערְן עֶנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיז שָׁלוֹם צוּ דַיין
קוּמֶען ?
5 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם !
אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען מַקְרִיב צוּ זַיין צוּ
יְהוָֹה, הֵיילִיגְט אֵייךְ, אוּנְד קוּמְט מִיט
מִיר צוּ דֶעם קָרְבָּן, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
הֵיילִיגְט יִשַׁי אוּנְד זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא גֶעלָאזְט רוּפֶען צוּ דֶעם קָרְבָּן :
6 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס זֵייא
זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען
דֶעם אֱלִיאָב, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
זִיכֶערְלִיךְ דָאס אִיז זַיין גֶעזַאלְבְּטֶער
פַאר גָאט :
7 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ שְׁמוּאֵל,
דוּא זָאלְסְט נִיט קוּקֶען אוֹיף זַיינֶע
גֶעשְׁטַאלְט, אוּנְד אוֹיף זַיינֶע הוֹיכְקֵייט,
וָוארִין אִיךְ הָאבּ אִיהְם פֶערְוָוארְפֶען,
דֶען עֶס אִיז נִיט וָואס דֶער מֶענְשׁ
זֶעהְט אָן, וָוארִין דֶער מֶענְשׁ זֶעהְט נוּר
וָואס אִיז פַאר זַיינֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער
גָאט זֶעהְט אִין דֶעם הַארְץ אַרַיין :
8 אוּנְד יִשַׁי הָאט גֶערוּפֶען צוּ אֲבִינָדָב,
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט פַארְבֵּייא
גֵיין פַאר שְׁמוּאֵל, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זָאגְט, אוֹיךְ דֶעם דָאזִיגֶען הָאט נִיט
גָאט אוֹיסְדֶערְוֶוילְט :
9 אַזוֹי הָאט יִשַׁי דֶעם שַׁמָּה גֶעמַאכְט
פַארְבֵּייא גֵיין, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
אוֹיךְ דֶעם דָאזִיגֶען הָאט נִיט גָאט
אוֹיסְדֶערְוֶוילְט :
10 אוּנְד יִשַׁי הָאט גֶעמַאכְט פַארְבֵּייא
גֵיין פַאר שְׁמוּאֵל זַיינֶע זִיבֶּען זִיהְן,
אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט אַז גָאט
הָאט קֵיינֶעם פוּן דִיא דָאזִיגֶע אוֹיסְ־
דֶערְוֶוילְט :
11 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ
יִשַׁי, זֶענֶען אַלֶע דַיינֶע יוּנְגֶען הִיעֶר ?
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נָאךְ
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען דֶער יוּנְגְסְטֶער, אוּנְד
זֶעה, עֶר אִיז אַ פַּאסְטוּךְ בֵּייא דִיא
שָׁאף ; אַזוֹי הָאט שְׁמוּאֵל גֶעזָאגְט צוּ
יִשַׁי, שִׁיק אַהִין אוּנְד לָאז אִיהְם אַהֶער
קוּמֶען, וָוארִין מִיר וֶועלֶען זִיךְ נִיט
אַנִידֶערְזֶעצֶען בִּיז עֶר וֶועט דָא אַהֶער
קוּמֶען :
12 אוּנְד עֶר הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט אוּנְד
מֶען הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט, אוּנְד עֶר
אִיז גֶעוֶועזֶען רוֹיט מִיט שֵׁיינֶע אוֹיגֶען,
אוּנְד פוּן שֵׁיינֶער גֶעשְׁטַאלְט,-- אוּנְד גָאט
הָאט גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד זַאלְבּ
אִיהְם, וָוארִין דָאס אִיז דֶער דָאזִיגֶער :

13 אַזוֹי הָאט שְׁמוּאֵל גֶענוּמֶען דָאס
הָארְן מִיט אֵייל אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם
גֶעזַאלְבְּט צְווִישֶׁען זַיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד
דֶער גֵייסְט פוּן גָאט אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיף
דָוִד פוּן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אָן–אוּנְד
שְׁמוּאֵל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ רָמָה׃
14 אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן יְהֹוָה הָאט
זִיךְ אָפְּגֶעטְהוּן פוּן שָׁאוּל, אוּנְד אַ
בֵּייזֶער גֵייסְט פוּן גָאט הָאט אִיהְם
דֶערשְׁרָאקֶען׃
15 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן שָׁאוּל הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה דָאךְ, אַ בֵּייזֶער
גֵייסְט פוּן גָאט דֶערשְׁרֶעקְט דִיךְ׃
16 לָאז דָאךְ אוּנְזֶער הַאר זָאגֶען–
דֵיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען פַאר דִיר–אַז מֶען
זָאל אוֹיסְזוּכֶען אַ מַאן וָואס קֶען שְׁפִּילֶען
אוֹיף אַ הַארְף, אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אַז
וֶוען דֶער בֵּייזֶער גֵייסְט פוּן גָאט וֶועט
אוֹיף דִיר זֵיין, אוּנְד עֶר וֶועט שְׁפִּילֶען
מִיט זַיינֶע הַאנְד אַזוֹי וֶועט דִיר גוּט זֵיין׃
17 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע
קְנֶעכְט, זוּכְט דָאךְ אוֹיס פַאר מִיר אַ
וָואלְכֶען מַאן וָואס קֶען גוּט שְׁפִּילֶען,
אוּנְד בְּרֶענְגְט אִיהְם צוּ מִיר׃
18 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא יוּנְגֶען הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ
הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ זוּהְן פוּן יִשַׁי אוֹיס
בֵּית לָחֶם, וָואס קֶען שְׁפִּילֶען, אוּנְד עֶר
אִיז אַ שְׁטַארְקֶער הֶעלְד, אוּנְד אַ בַּעַל
מִלְחָמָה, אוּנְד עֶר פֶערשְׁטֵייט דִיא זַאךְ,
אוּנְד עֶר אִיז אַ שֵׁיינֶער מַאן, אוּנְד
גָאט אִיז מִיט אִיהְם׃
19 אַזוֹי הָאט שָׁאוּל אַהִינְגֶעשִׁיקְט
שְׁלוּחִים צוּ יִשַׁי, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם
גֶעלָאזְט זָאגֶען, שִׁיק צוּ מִיר דֵיין זוּהְן
דָוִד, וָואס אִיז בֵּייא דִיא שָׁאף׃
20 אוּנְד יִשַׁי הָאט גֶענוּמֶען אֵיין אֵייזֶעל
בֶּעלָאדֶען מִיט בְּרוֹיט, אוּנְד אַ לָאגֶעל
וויין, אוּנְד אַ צִיקֶעלֶע, אוּנְד עֶר הָאט
עֶס גֶעשִׁיקְט דוּרְךְ זֵיין זוּהְן דָוִד צוּ
שָׁאוּל׃
21 אוּנְד דָוִד אִיז גֶעקוּמֶען צוּ שָׁאוּל,
אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר אִיהְם,
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם זֶעהְר גֶעלִיבְּט,
אוּנְד עֶר אִיז גֶעוָוארֶען זֵיין גֶעוֶועהְר
טְרֶעגֶער׃
22 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ יִשַׁי
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לָאז דָאךְ דָוִד
שְׁטֵיין פַאר מִיר, וָוארִין עֶר הָאט גֶע־
פוּנֶען חֵן אִין מֵיינֶע אוֹיגֶען׃
23 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַז וֶוען
דֶער (בֵּייזֶער) גֵייסְט פוּן גָאט אִיז
גֶעוֶועזֶען אוֹיף שָׁאוּל, אוּנְד דָוִד הָאט
גֶענוּמֶען דִיא הַארְפֶע, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעשְׁפִּילְט מִיט זַיינֶע הַאנְד, אַזוֹי אִיז
שָׁאוּל עֶרְקְוִויקְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶס
אִיז אִיהְם בֶּעסֶער גֶעוָוארֶען, אוּנְד דֶער
בֵּייזֶער גֵייסְט הָאט זִיךְ פוּן אִיהְם
אָפְּגֶעטְהוּן׃

## קאפיטעל יז

1 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען אֵיינְ־
גֶעזַאמֶעלְט זֵייעֶרֶע מַחֲנוֹת צוּ דֶער
מִלְחָמָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְ־
זַאמֶעלְט בֵּייא שׂוֹכוֹה וָואס גֶעהֶערְט צוּ
יְהוּדָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט
צְווִישֶׁען שׂוֹכוֹה אוּנְד צְווִישֶׁען עֲזֵקָה,
אִין אֶפֶס דַמִּים׃
2 אוּנְד שָׁאוּל אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן
יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט אוּנְד
גֶעלַאגֶערְט אִין דֶעם טְהָאל פוּן דִיא
לִינְדֶען־בֵּיימֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְ־
גֶעבְּרֵייט אַ מִלְחָמָה אַנְטְקֶעגֶען דִיא
פְּלִשְׁתִּים׃

3 אונד די פְּלִשְׁתִּים זענען געשטאַנען
אויף דעם באַרג פון דיזער זייט, אונד
יִשְׂרָאֵל איז געשטאַנען אויף דעם באַרג
אויף דער אַנדערע זייט, אונד אַ טהאַל
איז געוועזען צווישען ביידע:
4 אונד עס איז אַרויסגעגאַנגען איין
מיטעלם־מאַן פון צווישען די מַחֲנוֹת
פון די פְּלִשְׁתִּים, זיין נאָמען איז גע־
וועזען גָלְיָת, אויס גַת, זיינע הייך איז
געוועזען, זעקס איילען מיט אַ דוימען:
5 אונד ער האָט געהאַט אַ קופּערנעם
הוט אויף זיין קאָפּ, אונד מיט אַ
פּאַנצער פון שופּען איז ער געוועזען
אָנגעקליידעט, אונד דאָס געוויכט פון
זיין פּאַנצער וואַר פינף טויזענד שְׁקָלִים
קופּער:
6 אונד ער האָט געהאַט קופּערנע
שטערן־בלעך אויף זיינע פיס, אונד
אַ שפּיז פון קופּער צווישען זיינע
אַקסלען:
7 אונד די שטאַנג פון זיין שפּיז
איז געוועזען וויא אַ וועבער'ס האָלץ,
אונד די קלינג פון זיין שפּיז האָט
געוואויגען זעקס הונדערט שְׁקָלִים אייזען,
אונד אַ שילד טרעגער איז פאַר איהם
געגאַנגען:
8 אונד ער האָט זיך אַנידערגעשטעלט
אונד האָט גערופען צו די אָנגעבּרייטע
פון יִשְׂרָאֵל, אונד ער האָט צו זייא
געזאָגט, פאַר וואָס זענט איהר אַרויס־
געקומען אָנצוריכטען אַ מִלְחָמָה? בין
איך ניט דער פְּלִשְׁתִּי, אונד איהר
זענט קנעכט צו שָׁאוּל? קלויבּט אייך
אויס אַ מאַן אונד לאָז ער אַרופּקומען
צו מיר:
9 ווען ער קען מיט מיר שטרייטען
אונד מיך בּייקומען, אַזוי וועלען מיר
זיין צו אייך אַלס קנעכט, אָבער ווען
איך וועל איהם בּייקומען אונד וועל
איהם שלאָגען, אַזוי זאָלט איהר זיין
צו אונס אַלס קנעכט, אונד אונס
דינען:
10 אונד דער פְּלִשְׁתִּי האָט געזאָגט,
איך האָב דעם היינטיגען טאָג גע־
לעסטערט די אָנגעבּרייטונגען פון יִשְׂרָאֵל,
גיט צו מיר אַ מאַן, אַז מיר זאָלען
צוזאַמען מִלְחָמָה האַלטען:
11 אונד ווען שָׁאוּל אונד גאַנץ יִשְׂרָאֵל
האָבען געהערט די רייד פון דעם
דאָזיגען פְּלִשְׁתִּי, אַזוי האָבען זייא זיך
געפאַרכטען אונד האָבען זעהר מורא
געהאַט:
12 אונד דָוִד איז געוועזען דער זוהן
פון דעם דאָזיגען מאַן פון אֶפְרָת,
אויס בֵּית לֶחֶם, יְהוּדָה, אונד זיין
נאָמען וואַר יִשַׁי, אונד ער האָט געהאַט
אַכט זיהן, אונד אין די טעג פון
שָׁאוּל איז דער מאַן אַלט געוועזען,
ער איז געקומען אונטער די (חֲשׁוּבָה)
מענער:
13 אונד די דרייא עלצטע זיהן פון
יִשַׁי זענען נאָכגעגאַנגען הינטער שָׁאוּל
אין דער מִלְחָמָה, אונד די נעמען
פון זיינע דרייא זיהן וואָס זענען גע־
גאַנגען אין די מִלְחָמָה אַריין זענען
געוועזען, אֱלִיאָב, דער עלצטער,
אֲבִינָדָב דער צווייטער אונד שַׁמָּה דער
דריטער:
14 אונד דָוִד איז געוועזען דער
קליינסטער, אָבער די דרייא גרעסטע
זענען נאָכגעגאַנגען נאָך שָׁאוּל:
15 אונד דָוִד איז אַהין אונד צוריק־
געגאַנגען פון שָׁאוּל צו פּאַשען די
שאָף פון זיין פאָטער אין בֵּית לֶחֶם:

16 אוּנְד דֶער פְּלִשְׁתִּי הָאט זִיךְ גֶע־
נֶעהֶנְט אִין דֶער פְרִיה אוּנְד אוֹיף דֶער
נַאכְט, אוּנְד (אַזוֹי) הָאט עֶר זִיךְ גֶע־
שְׁטֶעלְט פֶערְצִיג טֶעג׃
17 אוּנְד יִשַׁי הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין
זוּהְן דָוִד, נֶעם דָאךְ צוּ דֵיינֶע בְּרִידֶער
דָאס מָאס פוּן גֶעבְּרָאטֶענֶע זַאנְגֶען,
אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע צֶעהְן בְּרוֹיט, אוּנְד
לוֹיף דַאמִיט אִין דֶער מַחֲנֶה אַרַיין צוּ
דֵיינֶע בְּרִידֶער׃
18 אוּנְד דִיא צֶעהְן קֶעזֶעלֶעךְ זָאלְסְט
דוּא בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם אָבֶערְשְׁטֶען פוּן
דִיא טוֹיזֶענְד, אוּנְד דֵיינֶע בְּרִידֶער
זָאלְסְט דוּא גֶעבֶּען שָׁלוֹם, אוּנְד נֶעם
פוּן זֵייא (אַן עָרוּב) אַ צֵייכֶען׃
19 אוּנְד שָׁאוּל, אוּנְד זֵייא, אוּנְד אַלֶע
מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין
דֶעם טְהָאל פוּן דִיא לִינְדֶען־בֵּיימֶער,
זֵייא הָאבֶּען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט
דִיא פְּלִשְׁתִּים׃
20 אוּנְד דָוִד אִיז אִין דֶער פְרִיה
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד עֶר הָאט פֶערְ־
לָאזְט דִיא שָׁאף מִיט אַ שׁוֹמֵר, אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנְד אִיז
אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אַזוֹי וִויא יִשַׁי הָאט אִיהְם
גֶעבָּאטֶען, אוּנְד עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען
בֵּייא דֶעם צִירְקֶעל, אוּנְד צוּ דֶעם חַיִל
וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער אָנְ־
בְּרֵייטוּנְג, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשַׁאלְט
אִין דֶער מִלְחָמָה׃
21 אוּנְד דִיא יִשְׂרָאֵל אוּנְד דִיא
פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעבְּרֵייט, אֵיינֶער
קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן (צוּ דֶער מִלְחָמָה)׃
22 אוּנְד דָוִד הָאט פֶערְלָאזְט דִיא
כֵּלִים פוּן זִיךְ אִין דֶער הַאנְד פוּן דֶעם
שׁוֹמֵר פוּן דִיא כֵּלִים, אוּנְד עֶר אִיז
אַהִינְגֶעלָאפֶען צוּ דֶער אָנְבְּרֵייטוּנְג פוּן
דֶער מִלְחָמָה; אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אָנְ־
גֶעקוּמֶען אַזוֹי הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט זַיינֶע
בְּרִידֶער וֶועגֶען שָׁלוֹם׃
23 אוּנְד וִויא עֶר הָאט מִיט זֵייא
גֶערֶעט, זֶעה, אַזוֹי אִיז דֶער מַאן, דֶער
גִבּוֹר, אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, גָלְיַת דֶער
פְּלִשְׁתִּי אִיז זַיין נָאמֶען, פוּן גַת, פוּן
דִיא אָנְבְּרֵייטוּנְג פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים,
אוּנְד עֶר הָאט נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְ־
טֶער גֶערֶעט, אוּנְד דָוִד הָאט עֶס
גֶעהֶערְט׃
24 אוּנְד וֶוען אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן
יִשְׂרָאֵל הָאט דֶעם מַאן גֶעזֶעהֶען אַזוֹי
זֶענֶען זֵייא פַאר אִיהְם עֶנְטְלָאפֶען,
וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זֶעהְר מוֹרָא גֶעהַאט׃
25 אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, הָאט אִיהְר גֶעזֶעהֶען
דֶעם דָאזִיגֶען מַאן וָואס גֵייט אַרוֹיף,
וָוארִין יִשְׂרָאֵל צוּ לֶעסְטֶערְן גֵייט עֶר
אַרוֹיף, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, אַז דֶער
מַאן וָואס וֶועט אִיהְם שְׁלָאגֶען, דֶעם
וֶועט דֶער מֶלֶךְ פַאר אַ גְרוֹיסֶען עוֹשֶׁר
מַאכֶען, אוּנְד עֶר וֶועט אִיהְם גֶעבֶּען
זַיינֶע טָאכְטֶער, אוּנְד זַיין פָאטֶער'ס
הוֹיזְגֶעזִינְד וֶועט עֶר פְרֵייא מַאכֶען אִין
יִשְׂרָאֵל׃
26 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
מֶענֶער וָואס זֶענֶען גֶעבֶּען אִיהְם גֶע־
שְׁטַאנֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וָואס וֶועט
מֶען טְהוּן צוּ דֶעם מַאן וָואס וֶועט דֶעם
דָאזִיגֶען פְּלִשְׁתִּי דֶערְשְׁלָאגֶען אוּנְד וֶועט
אָפְּטְהוּן דִיא שַׁאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל? וֶוער
אִיז דֶען דֶער דָאזִיגֶער פְּלִשְׁתִּי, דֶער
עָרֵל דָאס עֶר לֶעסְטֶערְט דִיא אָנְ־
בְּרֵייטוּנְג פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט?
27 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט נָאךְ דִיזֶע רֵייד, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,

אַזוי זָאל גֶעטְהוּן װֶערֶען צוּ דֶעם מַאן װָאס װֶעט אִיהְם שְׁלָאגֶען:

28 אוּנְד װֶען אֱלִיאָב, זַיין עֶלְצְטֶער בְּרוּדֶער הָאט גֶעהֶערְט װִיא עֶר הָאט גֶערֶעט מִיט דִיא מֶענֶער אַזוי הָאט זִיךְ דֶער צָארְן פוּן אֱלִיאָב דֶערגְרִימְט אִיבֶּער דָוִד, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַאר װָאס בִּיזְט דוּא אַרוּפְּגֶעקוּמֶען? אוּנְד בֵּייא װֶעמֶען הָאסְט דוּא גֶעלָאזֶען דִיא דָאזִיגֶע בִּיסֶעל שָׁאף אִין דֶער מִדְבָּר? אִיךְ װֵייס דֵיין מוּטְ־װִילֶען אוּנְד דִיא בֵּייזְקֵייט פוּן דֵיין הַארְץ, דֶען פוּן װֶעגֶען צוּ זֶעהֶען דִיא מִלְחָמָה בִּיזְט דוּא אַרוּפְּגֶעקוּמֶען:

29 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט, װָאס הָאבּ אִיךְ אַצוּנְד גֶעטְהוּן? אִיז עֶס נִיט אַן אוּרְזַאךְ?

30 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ פוּן אִיהְם אַװֶעקְגֶעקֶעהְרְט צוּ אֵיינֶע אַנְדֶערֶע זַייט, אוּנְד עֶר הָאט (װִידֶער) אַזוי גֶעזָאגְט, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְ־פֶערְט גְלֵייךְ אַזוי װִיא דִיא עֶרְשְׁטֶע װֶערְטֶער:

31 אוּנְד דִיא װֶערְטֶער װָאס דָוִד הָאט גֶערֶעט זָענֶען גֶעהֶערְט גֶעװָארֶען אוּנְד מֶען הָאט זֵייא דֶערְצֵיילְט פַאר שָׁאוּל, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם צוּ אִיהְם גֶע־פִיהְרְט:

32 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, לָאז נִיט דָאס הַארְץ פוּן קֵיין מֶענְשׁ פַאלֶען װֶעגֶען אִיהְם, דֵיין קְנֶעכְט װֶעט אַהִינְגֵיין אוּנְד מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דֶעם דָאזִיגֶען פְּלִשְׁתִּי:

33 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, דוּא קֶענְסְט נִיט גֵיין קֶעגֶען דֶעם דָאזִיגֶען פְּלִשְׁתִּי אוּם מִיט אִיהְם מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, װָארִין דוּא בִּיזְט נָאךְ יוּנְג, אוּנְד עֶר אִיז אַ בַּעַל מִלְחָמָה פוּן זֵיינֶע יוּגֶענְד אָן:

34 אָבֶּער דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, דֵיין קְנֶעכְט אִיז גֶעװֶעזֶען אַ פַּאסְטוּךְ פוּן שָׁאף צוּ זֵיין פָאטֶער, אוּנְד אַ לֵייבּ אוּנְד אַ בֶּער זָענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אַװֶעקְגֶעטְרָאגֶען אַ לֶעמֶעלֶע פוּן דֶער סְטַאדֶע:

35 אַזוי בִּין אִיךְ אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבּ אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס מַצִיל גֶעװֶעזֶען פוּן זֵיין מוֹיל, אוּנְד װֶען עֶר אִיז קֶעגֶען מִיר אוּיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אַזוי הָאבּ אִיךְ אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא זֵיין בָּארְד אוּנְד הָאבּ אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד גֶעטֵייט:

36 דֶעם לֵייבּ אוּנְד אוּיךְ דֶעם בֶּער הָאט דֵיין קְנֶעכְט גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד דֶער פְּלִשְׁתִּי, דֶער דָאזִיגֶער עָרֵל זָאל זֵיין אַזוי װִיא אֵיינֶער פוּן זֵייא, װָארִין עֶר לֶעסְטֶערְט דִיא אָנְבְּרֵייטוּנְג פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט:

37 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט, גָאט װָאס הָאט מִיךְ מַצִיל גֶעװֶעזֶען פוּן דֶער מַאכְט פוּן דֶעם לֵייבּ אוּנְד דֶעם בֶּער, דֶער װֶעט מִיךְ מַצִיל זֵיין פוּן דֶעם דָאזִיגֶען פְּלִשְׁתִּי—אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶע־זָאגְט צוּ דָוִד, גֵייא אוּנְד גָאט זָאל זֵיין מִיט דִיר:

38 אוּנְד שָׁאוּל הָאט אָנְגֶעקְלֵיידֶעט דָוִד מִיט זֵיינֶע מִלְחָמָה קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן אַ קוּפֶּערְנֶעם הוּט אוּיף זֵיין קָאפּ, אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְ־גֶעטְהוּן מִיט זֵיין פַּאנְצֶער:

39 אוּנְד דָוִד הָאט אָנְגֶעגִירְט זֵיין שְׁװֶערְט אִיבֶּער זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעװָאלְט גֵיין, װָארִין עֶר הָאט עֶס נָאךְ נִיט גֶעפְּרִיפְט, אַזוי הָאט דָוִד

גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, אִיךְ קֶען נִיט גֵיין
אִין דִיא דָאזִיגֶע, וָוארִין אִיךְ הָאבּ זֵייא
נָאךְ נִיט גֶעפְּרִיפְט, אוּנְד דָוִד הָאט
זֵייא פוּן זִיךְ אָפְּגֶעטְהוּן :
40 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען זֵיין שְׁטֶעְ־
קֶען אִין זֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד הָאט זִיךְ
אוֹיסְדֶערְוֶוילְט פִינְף גְלַאטֶע שְׁטֵיינֶער
פוּן דֶעם טֵייךְ, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
אַרֵיינְגֶעלֵייגְט אִין דֶעם כְּלִי פוּן דִיא
פַּאסְטוּכֶער, וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט אִין
דֶער טַאשׁ, אוּנְד זֵיינֶע שְׁלֵיידֶער אִין
זֵיינֶע הַאנְד אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶענֶעהְנְט
צוּ דֶעם פְּלִשְׁתִּי :
41 אוּנְד דֶער פְּלִשְׁתִּי אִיז גֶעגַאנְגֶען
אוּנְד אִיז נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען צוּ דָוִד,
אוּנְד דֶער מַאן וָואס הָאט גֶעטְרָאגֶען
זֵיין פַּאנְצֶער אִיז פַאר אִיהְם גֶעגַאנְגֶען :
42 אוּנְד וֶוען דֶער פְּלִשְׁתִּי הָאט גֶעְ־
קוּקְט אוּנְד גֶעזֶעהֶען דָוִד אַזוֹי הָאט
עֶר אִיהְם מְבַזֶּה גֶעוֶועזֶען, וָוארִין עֶר
אִיז גֶעוֶועזֶען יוּנְג, אוּנְד רוֹיטְלִיךְ אוּנְד
פוּן אַ שֵׁיינֶע גֶעשְׁטַאלְט :
43 אוּנְד דֶער פְּלִשְׁתִּי הָאט גֶעזָאגְט
צוּ דָוִד, בִּין אִיךְ אַ הוּנְד, אַז דוּא בִּיזְט
צוּ מִיר אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען מִיט אַ שְׁטֶעקֶען ?
אוּנְד דֶער פְּלִשְׁתִּי הָאט דָוִד גֶעשָׁאלְטֶען
בֵּייא זֵיין גָאט :
44 אוּנְד דֶער פְּלִשְׁתִּי הָאט גֶעזָאגְט
צוּ דָוִד, קוּם אַהֶער צוּ מִיר, אוּנְד אִיךְ
וֶועל גֶעבֶּען דֵיין פְלֵייש צוּ דִיא פֵייגֶעל
פוּן הִימֶעל אוּנְד צוּ דִיא חַיוֹת פוּן
דֶעם פֶעלְד :
45 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
פְּלִשְׁתִּי, דוּא בִּיזְט צוּ מִיר גֶעקוּמֶען
מִיט אַ שְׁוֶוערְט אוּנְד אַ שְׁפִּיז, אוּנְד
מִיט אַן אַנְדֶערְן שְׁפִּיז, אָבֶּער אִיךְ בִּין
צוּ דִיר גֶעקוּמֶען אִין דֶעם נָאמֶען פוּן
יְהוָֹה צְבָאוֹת, דֶעם גָאט פוּן דִיא אָנְ־
בְּרֵייטוּנְגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועלְכֶען דוּא
הָאסְט גֶעלֶעסְטֶערְט :
46 דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג וֶועט דִיךְ
יְהוָֹה אִין מֵיינֶע הַאנְד אִיבֶּערְלִיפֶערְן,
אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ שְׁלָאגֶען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אָפְּטְהוּן דֵיין קָאפּ פוּן דִיר, אוּנְד
אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען דִיא טוֹיטֶע לֵייבֶּער
פוּן דִיא מַחֲנֶה פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, דֶעם
הֵיינְטִיגֶען טָאג צוּ דִיא פֵייגֶעל פוּן
הִימֶעל, אוּנְד צוּ דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם
לַאנְד, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע עֶרְד זָאל
וִויסֶען אַז עֶס אִיז פַארְהַאנְדֶען אַ גָאט
צוּ יִשְׂרָאֵל :
47 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע
זָאל וִויסֶען אַז יְהוָֹה הֶעלְפְט נִיט מִיט
אַ שְׁוֶוערְט אוּנְד מִיט אַ שְׁפִּיז ; וָוארִין
דִיא מִלְחָמָה אִיז צוּ יְהוָֹה, אוּנְד עֶר
וֶועט אֵייךְ גֶעבֶּען אִין אוּנְזֶערֶע הֶענְד
אַרֵיין :
48 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז דֶער
פְּלִשְׁתִּי אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד אִיז
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶענֶעהְנְט צוּ
עֶנְטְקֶעגֶען דָוִד, אַזוֹי הָאט זִיךְ דָוִד
גֶעאֵיילְט אוּנְד אִיז צוּגֶעלָאפֶען צוּ דֶער
אָנְבְּרֵייטוּנְג עֶנְטְקֶעגֶען דֶעם פְּלִשְׁתִּי :
49 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיינֶע
הַאנְד אִין דִיא טַאשׁ אוּנְד עֶר הָאט
פוּן דָארְט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַ שְׁטֵיין
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעשְׁלֵיידֶערְט,
אוּנְד עֶר הָאט דַאמִיט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם
פְּלִשְׁתִּי אוֹיף זֵיין שְׁטֶערֶען, אוּנְד דֶער
שְׁטֵיין אִיז אֵיינְגֶעזוּנְקֶען גֶעוָוארֶען אִין
זֵיין שְׁטֶערֶען, אוּנְד עֶר אִיז אַנִידֶערְ־
גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵיין פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד :
50 אוּנְד אַזוֹי אִיז דָוִד שְׁטַארְקֶער
גֶעוֶועזֶען וִויא דֶער פְּלִשְׁתִּי מִיט דִיא

שְׁלֵיידֶער אוּנְד מִיט דֶעם שְׁטֵיין, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם פְּלִשְׁתִּי אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעטֵייט, אוּנְד דָוִד הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיין שְׁוֶוערְט אִין זֵיינֶע הַאנְד׃

51 אוּנְד דָוִד אִיז אַהִינְגֶעלָאפֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דֶעם פְּלִשְׁתִּי, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען זֵיין שְׁוֶוערְט אוּנְד הָאט עֶס אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען פוּן דֶער שֵׁייד, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעטֵייט, אוּנְד עֶר הָאט דַאמִיט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען זֵיין קָאפּ; אוּנְד וֶוען דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז זֵייעֶר גִבּוֹר אִיז טוֹיט, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא עֶנְטְלָאפֶען׃

52 אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד יְהוּדָה זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעשַׁאלְט, אוּנְד הָאבֶּען נָאכְ־גֶעיָאגְט דִיא פְּלִשְׁתִּים בִּיז מֶען קוּמְט נָאךְ דֶעם טְהָאל, אוּנְד בִּיז צוּ דִיא טְהָארֶען פוּן עֶקְרוֹן, אוּנְד דִיא דֶערְ־שְׁלָאגֶענֶע פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען גֶעפַאלֶען אִין דֶעם וֶועג פוּן שַׁעֲרַיִם, אוּנְד בִּיז גַת אוּנְד בִּיז עֶקְרוֹן׃

53 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם נָאכְיָאגֶען נָאךְ דִיא פְּלִשְׁתִּים אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוֹיבְּט זֵיירֶע מַחֲנוֹת׃

54 אוּנְד דָוִד הָאט גֶענוּמֶען דֶעם קָאפּ פוּן דֶעם פְּלִשְׁתִּי, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זֵיין כְּלֵי זַיִין הָאט עֶר אַרֵיינְגֶעטְהוּן אִין זֵיין גֶעצֶעלְט׃

55 אוּנְד וֶוען שָׁאוּל הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דָוִד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען עֶנְטְקֶעגֶען דֶעם פְּלִשְׁתִּי, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ אַבְנֵר, דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דֶעם חַיִל, אַבְנֵר וֶועמֶעס זוּהְן אִיז דֶער יוּנְג? אוּנְד אַבְנֵר הָאט גֶעזָאגְט, בֵּייא דַיין לֶעבֶּען, אָ קֶענִיג, אוֹיבּ אִיךְ וֵייס!

56 אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט, פְרֶעג דוּא נָאךְ וֶועמֶעס זוּהְן דֶער יוּנְג אִיז׃

57 אוּנְד וֶוען דָ.ד אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן שְׁלָאגֶען דֶעם פְּלִשְׁתִּי, אַזוֹי הָאט אִיהְם אַבְנֵר גֶענוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט פַאר שָׁאוּל, אוּנְד דֶער קָאפּ פוּן דֶעם פְּלִשְׁתִּי אִיז גֶעוֶועזֶען אִין זֵיינֶע הַאנְד׃

58 אוּנְד שָׁאוּל הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶועמֶעס זוּהְן בִּיזְט דוּא, יוּנְגֶעלֶע? אַזוֹי הָאט דָוִד גֶעזָאגְט, דֶער זוּהְן פוּן דַיין קְנֶעכְט יִשַׁי אוֹיס בֵּית לֶחֶם׃

קאפיטעל יח

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז וֶוען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ רֶעדֶען צוּ שָׁאוּל אַזוֹי הָאט זִיךְ דִיא זֶעלֶע פוּן יְהוֹנָתָן אָנְגֶעקְנִיפְּט אַן דִיא זֶעלֶע פוּן דָוִד, אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט אִיהְם גֶעלִיבְּט וִויא זִיךְ אַלֵיין׃

2 אוּנְד שָׁאוּל הָאט אִיהְם אַן דֶעמְ־זֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶענוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם נִיט גֶעלָאזְט צוּרִיקְגֵיין צוּ זֵיין פָאטֶערְ'ס הוֹיז׃

3 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט מִיט דָוִד גֶעְ־מַאכְט אַ בְּרִית, וֵוייל עֶר הָאט אִיהְם גֶעלִיבְּט אַזוֹי וִויא זִיךְ אַלֵיין׃

4 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט אָפְּגֶעצוֹיגֶען דָאס אֶבֶּערְהֶעמְד וָואס אִיז אוֹיף אִיהְם גֶעְ־וֶועזֶען אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ דָוִד, אוּנְד זֵיינֶע קְלֵיידֶער בִּיז צוּ זֵיין שְׁוֶוערְט, אוּנְד זֵיין בּוֹיגֶען, אוּנְד זֵיין גַארְטֶעל׃

5 אוּנְד דָוִד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אִיבֶּערַאל אַוואוּ שָׁאוּל הָאט אִיהְם

אַהינגעשיקט האָט ער בּעגליקט, אוּנד
שָׁאוּל האָט אִיהם געמאַכט (אַלס
אויבּערשטער) אִיבּער דִיא מִלְחָמָה
לייט, אוּנד ער האָט געהאַט וואוילגעפאַלען אִין דִיא אויגען פוּן דעם
גאַנצען פָאלק, אוּנד אויך אִין דִיא
אויגען פוּן שָׁאוּל'ס קנעכט :
6 אוּנד עס אִיז געוועזען אִין זייער
קוּמען,—ווען דָוִד אִיז צוּריקגעקוּמען
פוּן שְׁלָאגען דעם פְּלִשְׁתִּי, אַזוֹ זענען
דִיא ווייבּער אַרויסגעגאַנגען פוּן אַלע
שְׁטֶעט פוּן יִשְׂרָאֵל צוּ זִינגען אוּנד
טאַנצען, ענטקעגען שָׁאוּל הַמֶּלֶךְ, מִיט
פּויקען אוּנד מִיט פְרייד אוּנד מִיט
בּלעכען (צִימְבּעלן):
7 אוּנד זייא האָבּען געענטפערט דִיא
ווייבּער וואָס האָבּען געשְׁפִּילט, אוּנד
זייא האָבּען געזאָגט, שָׁאוּל האָט געשְׁלָאגען אִין טויזענדע, אָבּער דָוִד אִין
צעהן טויזענדע :
8 אוּנד שָׁאוּל האָט זִיךְ זעהר דערצאָרנט, אוּנד דִיא זאַךְ אִיז אִיהם
אִיבּעל געפאַלען אִין זיינע אויגען, אוּנד
ער האָט געזאָגט, זייא האָבּען געגעבּען
צוּ דָוִד דִיא צעהן טויזענדע, אָבּער צוּ
מִיר האָבּען זייא (נוּר) געגעבּען דִיא
טויזענדע, אוּנד וואָס פעהלט אִיהם
נאָךְ מעהר, נייערט דִיא מְלוּכָה ?
9 אוּנד עס אִיז געוועזען אַז פוּן דעם
טאָג אָן אוּנד ווייטער האָט שָׁאוּל דעם
דָוִד בּייז אָנגעקוּקט :
10 אוּנד עס אִיז געוועזען צוּ מאָרגענס
אַזוֹי האָט אַ שְׁלעכטער גייסט פוּן גאָט
גערוּהט אויף שָׁאוּל, אוּנד ער האָט
נְבִיאוֹת געזאָגט אִין דעם הויז, אוּנד
דָוִד האָט געשְׁפִּילט מִיט זיינע האַנד
אַזוֹי וויא אַלע טאָג, אוּנד דער שְׁפִּיז
אִיז געוועזען אִין שָׁאוּל'ס האַנד :
11 אוּנד שָׁאוּל האָט געוואָרפען דעם
שְׁפִּיז, אוּנד ער האָט געטראַכט אִיךְ
וועל (כּאַמִיט) דָוִד שְׁלָאגען אַן דִיא
וואַנד, אָבּער דָוִד האָט זִיךְ צְווייא
מאָל פוּן אִיהם אַוועקגעקעהרט :
12 אוּנד שָׁאוּל האָט מוֹרָא געהאַט
פאַר דָוִד, וואָרין גאָט אִיז מִיט אִיהם
געוועזען, אָבּער פוּן שָׁאוּל האָט ער
זִיךְ אָפּגעטהוּן :
13 אוּנד שָׁאוּל האָט אִיהם פוּן זִיךְ
אָפּגעטהוּן, אוּנד ער האָט אִיהם צוּ
זִיךְ געמאַכט אַלס איין האַר אִיבּער
טויזענד ; אוּנד ער אִיז אַרויסגעגאַנגען
אוּנד אַריינגעקוּמען פאַר דעם פָאלק :
14 אוּנד דָוִד אִיז געוועזען קלוּג אִין
אַלע זיינע וועגען, אוּנד גאָט אִיז געוועזען מִיט אִיהם :
15 אוּנד ווען שָׁאוּל האָט געזעהען אַז
ער האַנדעלט זעהר קלוּג אַזוֹי האָט
ער פאַר אִיהם מוֹרָא געהאַט :
16 אוּנד גאַנץ יִשְׂרָאֵל אוּנד יְהוּדָה
האָבּען לִיבּ געהאַט דעם דָוִד, וואָרין
ער אִיז פאַר זייא אַרויסגעגאַנגען אוּנד
אַריינגעקוּמען :
17 אוּנד שָׁאוּל האָט געזאָגט צוּ דָוִד,
זעה, מיינע גרויסע טאָכטער מֵרַב, זיא
וועל אִיךְ צוּ דִיר געבּען צוּ אַ ווייבּ,
נייערט זייא צוּ מִיר צוּ אַ חַיִל'ס מאַן,
אוּנד האַלט מִלְחָמָה דִיא מִלְחָמוֹת פוּן
גאָט, וואָרין שָׁאוּל האָט זִיךְ געטראַכט,
לאָז נִיט מיינע האַנד זיין אַן אִיהם,
אָבּער לאָז דִיא האַנד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים
אַן אִיהם זיין :
18 אוּנד דָוִד האָט געזאָגט צוּ שָׁאוּל,
ווער בִּין אִיךְ, אוּנד וואָס אִיז מיין
לעבּען אוּנד דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן מיין

פֿאַטער אין ישׂראל, אַז איך זאָל זיין
אַן איידעם צו דעם מלך ?
19 אונד עס איז געוועזען אין דער
צייט וואָס מען האָט געזאָלט געבען
מרב דיא טאָכטער פֿון שאול צו דוד,
אַזוי איז זיא געגעבען געוואָרען צו
עדריאל פֿון מחולת אַלס אַ ווייב :
20 אונד מיכל דיא טאָכטער פֿון
שאול האָט דעם דוד ליב געהאַט,
אונד זייא האָבען עס געזאָגט צו שאול,
אונד דיא זאַך איז וואוילגעפֿעלען אין
זיינע אויגען :
21 אונד שאול האָט געטראַכט אַז
איך וועל זיא צו איהם געבען אַזוי
וועט זיא צו איהם זיין אַ שטרויכלונג,
אונד דיא האַנד פֿון דיא פלשתים וועט
אַן איהם זיין ; אונד שאול האָט גע־
זאָגט צו דוד, מיט איינע פֿון דיא
צווייא זאָלסט דוא דיך מיט מיר היינט
מתחתן זיין :
22 אונד שאול האָט בעפֿוילען זיינע
קנעכט—רעט מיט דוד שטילערהייט
אַזוי צו זאָגען, דער מלך האָט לוסט
אַן דיר, אונד אַלע זיינע קנעכט האָבען
דיך ליב, אונד אַצונד זייא דיך מתחתן
מיט דעם מלך :
23 אונד שאול'ס קנעכט האָבען גע־
רעט אין דיא אויערען פֿון דוד דיא
דאָזיגע רייד, אונד דוד האָט געזאָגט,
איז עס לייכט אין אייערע אויגען זיך
מיט דעם מלך מתחתן צו זיין, אונד
איך בין אַן אָרעמער אונד גרינגער
מאַן :
24 אונד שאול'ס קנעכט האָבען צו
איהם געזאָגט נאָך דיא דאָזיגע ווערטער
וואָס דוד האָט גערעט :
25 אונד שאול האָט געזאָגט, אַזוי
זאָלט איהר זאָגען צו דוד, דער מלך
האָט קיין פֿערלאַנגען אַן געשענק
געיערט אין הונדערט ערלות פֿון דיא
פלשתים אום זיך נוקם צו זיין אַן דיא
פֿיינד פֿון דעם מלך, אָבער שאול
האָט דאַמיט געטראַכט אַז דוד וועט
פֿאַלען אין דיא הענד פֿון דיא פלשתים :
26 אונד זיינע קנעכט האָבען צו דוד
אַנגעזאָגט דיא דאָזיגע רייד, אונד דיא
זאַך איז וואוילגעפֿעלען אין דיא אויגען
פֿון דוד, אונד זיך מתחתן צו זיין מיט
דעם מלך, אָבער דיא טעג זענען נים
דערפֿילט געוואָרען :
27 אונד דוד איז אויפֿגעשטאַנען,
אונד ער איז מיט זיינע מענער גע־
גאַנגען אונד ער האָט געשלאָגען
אונטער דיא פלשתים צווייא הונדערט
מאַן, אונד דוד האָט געבראַכט זייערע
ערלות, אונד ער האָט זייא פֿולערהייט
אָפּגעגעבען צו דעם מלך, אום זיך
מתחתן צו זיין מיט דעם מלך, אַזוי
האָט איהם שאול געגעבען זיינע
טאָכטער מיכל צו אַ ווייב :
28 אַזוי האָט שאול געזעהען אונד
ער האָט דערקענט אַז גאָט איז מיט
דוד, אונד מיכל, שאול'ס טאָכטער
האָט איהם געליבט :
29 אַזוי האָט שאול נאָך אַ מאָל
מעהר מורא געהאַט פֿאַר דוד, אונד
שאול איז געוועזען אַ פֿיינד צו דוד
אַלע טעג :
30 אונד דיא האַרען פֿון דיא פלשתים
זענען אַרויסגעגאַנגען אונד עס איז
געוועזען ווען זייא פֿלעגען אַרויסגיין
אַזוי איז דוד קליגער געוועזען וויא
אַלע קנעכט פֿון שאול, אונד זיין
נאָמען איז זעהר געאַכטעט געוועזען :

קאפיטעל יט

1 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶערֶעדט צוּ יְהוֹנָתָן
זֵיין זוּהְן, אוּנְד צוּ אַלֶע זֵיינֶע קְנֶעכְט
אַז זֵייא זָאלֶען טֵייטֶען דָוִד. אָבֶּער
יְהוֹנָתָן, שָׁאוּל'ס זוּהְן הָאט זֶעהְר גֶע־
גְלוּסְט אַן דָוִד:
2 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט דֶערְצֵיילְט צוּ
דָוִד אַזוֹי צוּ זָאגֶען, מֵיין פָאטֶער שָׁאוּל
בֶּעגֶעהְרְט דִיךְ צוּ טֵייטֶען, אוּנְד אַצוּנְד
הִיט דִיךְ בִּיז אִין דֶער פְרִיה, אוּנְד
בְּלֵייבּ אִים פֶערְבָּארְגֶענֶעם בֶּעהַאלְטֶען:
3 אוּנְד אִיךְ וֶועל אַרוֹיסְגֵיין אוּנְד וֶועל
מִיךְ שְׁטֶעלֶען אַן דֶער זֵייט פוּן מֵיין
פָאטֶער אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אַוואוּ דוּא
בִּיזְט דָארְט. אוּנְד אִיךְ וֶועל פוּן
דֵיינֶעטְוֶועגֶען רֶעדֶען צוּ מֵיין פָאטֶער,
אוּנְד וָואס אִיךְ וֶועל זֶעהֶען וֶועל אִיךְ
צוּ דִיר אָנְזָאגֶען:
4 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט וֶועגֶען דָוִד
גוּטֶעס גֶערֶעדט צוּ זֵיין פָאטֶער שָׁאוּל,
אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לָאז
דֶער מֶלֶךְ נִיט זִינְדִיגֶען קֶעגֶען זֵיין
קְנֶעכְט, אַן דָוִד, וָוארִין עֶר הָאט נִיט
קֶעגֶען דִיר גֶעזִינְדִיגְט, נֵייעֶרְט זֵיינֶע
מַעֲשִׂים פַאר דִיר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
זֶעהְר גוּט:
5 אוּנְד עֶר הָאט זֵיין לֶעבֶּען גֶעטְהוּן
אִין זֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט
גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם פְּלִשְׁתִּי, אַזוֹי הָאט
גָאט גֶעטְהוּן אַ גְרוֹיסֶע הִילְף צוּ גַאנְץ
יִשְׂרָאֵל, וֶוען דוּא הָאסְט עֶס גֶעזֶעהֶען
אַזוֹי הָאסְט דוּא דִיךְ גֶעפְרֵייט; אוּנְד
וַוארוּם וִוילְסְט דוּא זִינְדִיגֶען אַן אוּמְ־
שׁוּלְדִיגֶעם בְּלוּט, דָוִד צוּ טֵייטֶען
אוּמְזִיסְט:
6 אוּנְד שָׁאוּל הָאט צוּגֶעהֶערְט דָאס
קוֹל פוּן יְהוֹנָתָן, אוּנְד שָׁאוּל הָאט
גֶעשְׁוָואוֹרֶען, אַזוֹי וִויא גָאט לֶעבְּט, אוֹיבּ
עֶר וֶועט גֶעטֵייט וֶוערֶען:
7 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט גֶערוּפֶען צוּ דָוִד,
אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם דֶערְצֵיילְט
אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער, אוּנְד יְהוֹנָתָן
הָאט גֶעבְּרֶענְגְט דָוִד צוּ שָׁאוּל, אוּנְד
עֶר אִיז פַאר אִיהְם גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא
פְרִיהֶער:
8 אוּנְד עֶס אִיז נָאךְ אַ מָאל גֶעוֶועזֶען
אַ מִלְחָמָה, אַזוֹי אִיז דָוִד אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אוּנְד הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט
דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
גֶעשְׁלָאגֶען מִיט אַ גְרוֹיסֶען שְׁלַאק,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען פַאר אִיהְם עֶנְטְלָאפֶען
גֶעוָוארֶען:
9 אוּנְד אַ בֵּייזֶער גֵייסְט פוּן גָאט אִיז
גֶעוֶועזֶען אוֹיף שָׁאוּל, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעזֶעסֶען אִין זֵיין הוֹיז מִיט זֵיין שְׁפִּיז
אִין זֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד דָוִד הָאט גֶע־
שְׁפִּילְט מִיט זֵיינֶע הַאנְד:
10 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזוּכְט דָוִד צוּ
שְׁלָאגֶען מִיט דֶעם שְׁפִּיז אִין דִיא וַואנְד,
אַזוֹי אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן
פַאר שָׁאוּל, אוּנְד עֶר הָאט דֶעם שְׁפִּיז
גֶעשְׁלָאגֶען אִין דִיא וַואנְד, אוּנְד דָוִד
אִיז עֶנְטְלָאפֶען, אוּנְד אִיז עֶנְטְרוּנֶען
גֶעוָוארֶען אִין דִיזֶעלְבִּיגֶע נַאכְט:
11 אוּנְד שָׁאוּל הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט
שְׁלוּחִים צוּ דָוִד'ס הוֹיז אוּם אִיהְם צוּ
הִיטֶען, אוּנְד אִיהְם אִין דֶער פְרִיה צוּ
טֵייטֶען, אוּנְד מִיכַל זֵיין וַוייבּ הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט
עֶנְטְרִינֶען מִיט דֵיין לֶעבֶּען בֵּייא נַאכְט
אַזוֹי וֶועסְט דוּא מָארְגֶען גֶעטֵייט
וֶוערֶען:
12 אוּנְד מִיכַל הָאט דֶעם דָוִד אַרוּפְּ־
גֶעלָאזְט דוּרְךְ דֶעם פֶענְסְטֶער, אַזוֹי
איז

אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען, אֶנְטְלָאפֶען אוּנְד אֶנְטְרוּנֶען גֶעוָוארֶען׃

13 אוּנְד מִיכַל הָאט גֶענוּמֶען דִיא בִּילְדֶער, אוּנְד זִיא הָאט זַייא אַרֵיינְגֶעלֵייגְט אִין בֶּעט, אוּנְד זִיא הָאט אַ קִישֶׁען פוּן צִיגֶען הָאר גֶעלֵייגְט צוּ קָאפֶּענְס, אוּנְד זִיא הָאט עֶס צוּגֶעדֶעקְט מִיט אַ קְלֵייד׃

14 אוּנְד וֶוען שָׁאוּל הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים אוּם דָוִד צוּ נֶעמֶען, אַזוֹי הָאט זִיא גֶעזָאגְט, עֶר אִיז קְרַאנְק׃

15 אוּנְד שָׁאוּל הָאט (נָאךְ אַ מָאל) אַהִינְגֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים אוּם דָוִד צוּ זֶעהֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, בְּרֶענְגְט אִיהְם אַרוּיף צוּ מִיר מִיט דֶעם בֶּעט, אוּם אִיהְם צוּ טֵייטֶען׃

16 אוּנְד וֶוען דִיא שְׁלוּחִים זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, זֶעה, אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען אַ בִּילְד אִין דֶעם בֶּעט אוּנְד אַ קִישֶׁען פוּן צִיגֶען הָאר צוּ קָאפֶּענְס׃

17 אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט צוּ מִיכַל וַוארוּם הָאסְט דוּא מִיךְ אַזוֹי גֶענַארְט, אוּנְד הָאסְט מֵיין פֵיינְד אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד עֶר אִיז אֶנְטְרִינֶען גֶעוָוארֶען? אוּנְד מִיכַל הָאט גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, שִׁיק מִיךְ אַוֶועק; פַאר וָואס זָאל אִיךְ דִיךְ טֵייטֶען?

18 אַזוֹי אִיז דָוִד אֶנְטְלָאפֶען אוּנְד אֶנְטְרוּנֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ שְׁמוּאֵל קֵיין רָמָה, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַלֶעס וָואס שָׁאוּל הָאט צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן, אוּנְד עֶר אוּנְד שְׁמוּאֵל זֶענֶען אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעווָאוינְט אִין נָיוֹת׃

19 אוּנְד מֶען הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, זֶעה, דָוִד אִיז אִין נָיוֹת אִין רָמָה׃

20 אַזוֹי הָאט שָׁאוּל אַהִינְגֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים אוּם דָוִד צוּ נֶעמֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז אַ חַבְרוּתָה פוּן נְבִיאִים הָאבֶּען נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט, אוּנְד שְׁמוּאֵל אִיז נֶעבֶּען זַייא גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דִיא שְׁלוּחִים פוּן שָׁאוּל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיךְ נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט׃

21 אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, אוּנְד עֶר הָאט אַנְדֶערֶע שְׁלוּחִים גֶעשִׁיקְט אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיךְ נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט, אוּנְד שָׁאוּל הָאט נָאךְ צוּ דֶעם דְרִיטֶען מָאל שְׁלוּחִים גֶעשִׁיקְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיךְ נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט׃

22 אַזוֹי אִיז עֶר אַלֵיין אוֹיךְ אַהִינְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ רָמָה, אוּנְד עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֶער גְרוֹיסֶען גְרוּבּ וָואס אִיז אִין שֵׂכוּ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אַוְואוּ אִיז שְׁמוּאֵל אוּנְד דָוִד? אוּנְד אֵיינֶער הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה אִין נָיוֹת אִין רָמָה׃

23 אוּנְד עֶר אִיז דָארְט אַהִינְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ נָיוֹת אִין רָמָה, אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן גָאט אִיז אוֹיךְ אוֹיף אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אַזוֹי וִויא עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען הָאט עֶר נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט בִּיז עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אִין נָיוֹת אִין רָמָה׃

24 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ אָפְּגֶעטְהוּן זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט פַאר שְׁמוּאֵל, אוּנְד עֶר אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען נַאקֶעט דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען גַאנְצֶען טָאג אוּנְד דִיא גַאנְצֶע נַאכְט, דַארוּם הָאט מֶען גֶעזָאגְט:־אִיז אוֹיךְ שָׁאוּל צְוִוישֶׁען דִיא נְבִיאִים׃

קאפיטעל כ

1 אוּנְד דָוִד אִיז אֶנְטְלָאפֶען אוּיס נָיוֹת

אין

אִין רָמָה, אוּנְד װָען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט פַאר יְהוֹנָתָן, װָאס הָאבּ אִיךְ גֶעטְהוּן? װָאס אִיז מֵיינֶע זִינְד, אוּנְד װָאס הָאבּ אִיךְ גֶעזִינְדִיגְט פַאר דֵיין פָאטֶער אַז עֶר זוּכְט מֵיין לֶעבֶּען?

2 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, חָלִילָה! דוּא װֶעסְט נִיט שְׁטַארְבֶּען, זֶעה, מֵיין פָאטֶער (טְהוּט) נִיט קֵיינֶע גְרויסֶע אָדֶער קְלֵיינֶע זַאךְ אַז עֶר זָאל דָאס נִיט עֶנְטְפְּלֶעקֶען פַאר מֵיינֶע אוֹירֶען, אוּנְד פַאר װָאס זָאל מֵיין פָאטֶער פוּן מִיר פֶערְבָּארְגֶען דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ? עֶס אִיז נִיט אַזוֹי׃

3 אוּנְד דָוִד הָאט נָאךְ גֶעשְׁװָארֶען, אוּנְד גֶעזָאגְט, דֵיין פָאטֶער װֵייסְט גֶעװִיס אַז אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען חֵן אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יְהוֹנָתָן זָאל דָאס נִיט װִיסֶען, טָאמֶער װֶעט עֶר זִיךְ בֶּעטְרִיבֶּען, אָבֶּער אַזוֹי װָאהְר װִיא גָאט לֶעבְּט, אוּנְד אַזוֹי װִיא דוּא לֶעבְּסְט, עֶס אִיז נוּר אֵיין שְׁרִיט צְװִישֶׁען מִיר אוּנְד דֶעם טוֹיט׃

4 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, װָאס דֵיינֶע זֶעעֶלֶע פֶערְלַאנְגְט דָאס װֶעל אִיךְ צוּ דִיר טְהוּן׃

5 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹנָתָן, זֶעה מָארְגֶען אִיז ראֹשׁ חוֹדֶשׁ, אוּנְד אִיךְ פְּלֶעג זִיצֶען מִיט דֶעם קֶענִיג צוּ דֶעם עֶסֶען, (אַזוֹי בֶּעט אִיךְ דִיךְ) אַז דוּא זָאלְסְט מִיךְ אַװֶעקְשִׁיקֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל מִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד בִּיז צוּ דֶעם דְרִיטֶען אָבֶּענְד׃

6 װֶען דֵיין פָאטֶער װֶעט אַן מִיר גֶעדֶענְקֶען, אוּנְד װֶעט אוֹיף מִיר פְּרֶעגֶען אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זָאגֶען דָוִד הָאט פוּן מִיר שְׁטַארְק גֶעבֶּעטֶען צוּ עֶר קֶען לוֹיפֶען נָאךְ בֵּית לֶחֶם, זֵיינֶע שְׁטָאט, װָארִין עֶס אִיז דָארְטֶען אַלֶע יָאהְר אַ שֶׁעכְטוּנְג (פוּן קָרְבָּנוֹת) צוּ דֶער גַאנְצֶען מִשְׁפָּחָה׃

7 אוּנְד װֶען עֶר װֶעט אַזוֹי זָאגֶען, עֶס אִיז גוּט, אַזוֹי װֶעט דֵיין קְנֶעכְט הָאבֶּען שָׁלוֹם, אָבֶּער װֶען זַיין צָארְן װֶעט דֶערְגְרִימֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא װִיסֶען אַז דָאס בֵּייזֶע הָאט זִיךְ פוּן אִיהְם פֶערְלֶענְט׃

8 דַארִיבֶּער זָאלְסְט דוּא טְהוּן חֶסֶד מִיט דֵיין קְנֶעכְט, װָארִין דוּא הָאסְט דֵיין קְנֶעכְט מִיט דִיר אִין דֶעם בְּרִית פוּן גָאט אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט, אוּנְד װֶען עֶס אִיז אִין מִיר פֶערְהַאנְדֶען אַ זִינְד אַזוֹי זָאלְסְט דוּא מִיךְ טֵייטֶען, אָבֶּער פַאר װָאס זָאלְסְט דוּא מִיךְ בְּרֶענְגֶען בִּיז צוּ דֵיין פָאטֶער?

9 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט גֶעזָאגְט, חָלִילָה! עֶס זָאל פֶערְמִיטֶען זַיין פוּן דִיר אוֹיבּ אִיךְ װֵייס אַז דָאס בֵּייזֶע הָאט זִיךְ פֶערְלֶענְט פוּן מֵיין פָאטֶער אוֹיף דִיר צוּ קוּמֶען, אוּנְד אִיךְ זָאל עֶס דִיר נִיט אָנְזָאגֶען׃

10 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹנָתָן, װֶער װֶעט עֶס מִיר זָאגֶען? אָדֶער װִיא װֶען דֵיין פָאטֶער װֶעט דִיר הַארְט עֶנְטְפֶערְן?

11 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, קוּם לָאזֶען מִיר אַרוֹיסְגֵיין אוֹיף דֶעם פֶעלְד; אַזוֹי זֶענֶען בֵּיידֶע אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד׃

12 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, (אִיךְ שְׁװֶער) בֵּייא יְהוָֹה דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אַז װֶען אִיךְ הָאבּ גֶעפָּארְשְׁט מֵיין פָאטֶער מָארְגֶען אוּם דִיזֶער צֵייט, (אָדֶער) אַם דְרִיטֶען טָאג, אוּנְד זֶעה,



װען

וֶוען עֶס אִיז גוּטֶעס אִיבֶּער דָוִד, אוּנְד
אִיךְ װֶעל עֶס דִיר נִיט שִׁיקֶען אוּנְד
מְגַלֶה זַיין׃
13 אַזוֹי זָאל גָאט טְהוּן מִיט יְהוֹנָתָן
אוּנְד נָאךְ מֶעהְר; אָבֶּער װֶען עֶס גֶעפֶ־
פֶעלְט מֵיין פָאטֶער דִיר שְׁלֶעכְטֶעס צוּ
טְהוּן אַזוֹי װֶעל אִיךְ עֶס אוֹיךְ צוּ דִיר
מְגַלֶה זַיין, אוּנְד װֶעל דִיךְ אַװֶעקְשִׁיקֶען,
אַז דוּא זָאלְסְט גֵיין בְּשָׁלוֹם, אוּנְד גָאט
װֶעט זַיין מִיט דִיר אַזוֹי וִויא עֶר אִיז
גֶעוֶועזֶען מִיט מֵיין פָאטֶער׃
14 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט נָאר מִיט
מִיר טְהוּן חֶסֶד פוּן גָאט וַוייל אִיךְ
נָאךְ לֶעבּ, אַז אִיךְ זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען׃
15 אָבֶּער דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְשְׁנֵיידֶען
דֵיין חֶסֶד פוּן מֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד אוֹיף
אֵייבִּיג, אוּנְד אוֹיךְ נִיט אַ מָאל װֶען
גָאט װֶעט פֶערְטִילְגֶען דִיא פֵיינְד פוּן
דָוִד אִיטְלִיכֶען מַאן פוּן דֶער עֶרְד׃
16 אַזוֹי הָאט יְהוֹנָתָן כּוֹרֵת בְּרִית
גֶעוֶועזֶען מִיט דָוִד׳ס הוֹיזְגֶעזִינְד, װָארִין
גָאט הָאט עֶס גֶעזוּכְט (זָאגַאר) פוּן
דִיא הַאנְד פוּן דָוִד׳ס פֵיינְד׃
17 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט נָאךְ אַ מָאל
דָוִד גֶעמַאכְט שְׁװֶערֶען וַוייל עֶר הָאט
אִיהְם גֶעלִיבְּט, װָארִין עֶר הָאט אִיהְם
גֶעלִיבְּט וִויא זִיךְ אַלֵיין׃
18 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזַ־
זָאגְט, מָארְגֶען אִיז רֹאשׁ חוֹדֶשׁ, אוּנְד
װֶען דוּא װֶעסְט פֶעהְלֶען, װָארִין דֵיין
שְׁטוּהְל װֶעט זַיין לֶעדִיג׃
19 אוּנְד אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג זָאלְסְט
דוּא גֶעשְׁוִוינְד אַרוּפְגֵיין, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט קוּמֶען צוּ דֶעם אָרְט אַװוּ דוּא
הָאסְט דִיךְ דָארְט בֶּעהַאלְטֶען אִין דֶעם
טָאג װֶען עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט בְּלֵייבֶּען בֵּייא דֶעם שְׁטֵיין אָזֶל׃

20 אוּנְד װֶען אִיךְ װֶעל שִׁיסֶען דְרֵייא
פֵיילֶען אַן דֶער זֵייט דַארפוּן אַזוֹי וִויא
אִיךְ הֶעט גֶעשָׁאסֶען צוּ אַ צִיל׃
21 אוּנְד זֶעה, װֶען אִיךְ װֶעל אַהִינְ־
שִׁיקֶען דֶעם יוּנְג אַז עֶר זָאל גֶעפִינֶען
דִיא פֵיילֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל צוּ דֶעם
יוּנְג זָאגֶען, זֶעה, דִיא פֵיילֶען זֶענֶען
(נִיט וַוייט) פוּן דִיא זֵייט נֶעם זֵייא,
אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זֵייא נֶעמֶען אוּנְד
בְּרֶענְגֶען, װָארִין עֶס אִיז שָׁלוֹם צוּ
דִיר, אוּנְד קֵיין שׁוּם בֵּייזֶעס, אַזוֹי
װָאהְר וִויא יְהֹוָה לֶעבְּט׃
22 אוּנְד װֶען אִיךְ װֶעל זָאגֶען צוּ דֶעם
יוּנְג זֶעה, דִיא פֵיילֶען זֶענֶען וַוייט פוּן
דִיר, אַזוֹי גֵייא וַוייטֶער, װָארִין גָאט
הָאט דִיךְ אַװֶעקְגֶעשִׁיקְט׃
23 אוּנְד װֶעגֶען דֶער זַאךְ װָאס מִיר
הָאבֶּען מִיט אַנַאנְדֶער גֶערֶעט, זֶעה,
גָאט אִיז אֵיין עֵדוּת צְוִוישֶׁען אוּנְס אוֹיף
אֵייבִּיג׃
24 אַזוֹי הָאט זִיךְ דָוִד בֶּעהַאלְטֶען
אוֹיף דֶעם פֶעלְד; אוּנְד װֶען עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען רֹאשׁ חוֹדֶשׁ, אַזוֹי הָאט זִיךְ
דֶער קֶענִיג אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט צוּ דֶעם
עֶסֶען׃
25 אוּנְד װֶען דֶער קֶענִיג אִיז גֶעזֶעסֶען
אוֹיף זֵיין זִיץ, אַזוֹי וִויא גֶעוֶועהְנְלִיךְ,
אוֹיף דֶעם גֶעזֶעס װָאס אִיז אַן דֶער
וַואנְד, אַזוֹי אִיז יְהוֹנָתָן אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד אַבְנֵר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אַן דֶער
זֵייט פוּן שָׁאוּל, אוּנְד דָוִד׳ס פְּלַאץ
הָאט גֶעפֶעהְלְט׃
26 אוּנְד שָׁאוּל הָאט דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג גָארְנִיט גֶערֶעט, װָארִין עֶר הָאט
גֶעטְרַאכְט טָאמֶער הָאט אִיהְם עֶטְװָאס
בֶּעגֶעגֶענְט דָאס עֶר אִיז נִיט רֵיין,
װָארִין עֶר וַואר נִיט רֵיין׃

אוּנד

27 אונד עס איז געוועזען אן דעם
אנדערן טאג פון דעם חודש, אזוי
האט דוד'ס פּלאץ אויך געפעהלט,
אונד שאול האט געזאגט צו זיין זוהן
יהונתן, פאר וואס איז ניט דער זוהן
פון ישי געקומען צו דעם עסען, אויך
ניט נעכטען אונד אויך ניט היינט ?
28 אזוי האט יהונתן געענטפערט
דעם שאול, דוד האט מיך זעהר גע־
בעטען (אויב ער מעג גיין) ביז נאך
בית לחם :
29 ער האט געזאגט, איך בעט דיך,
שיק מיך, וואַרין עס איז א שעכטונג
פון קרבנות צו אונזערע משפחה אין
דער שטאט, אונד מיין ברודער האט
מיר בעפוילען (דאָרט צו זיין) אונד
אצונד ווען איך האב געפונען חן אין
דיינע אויגען, לאז מיך אוועקגיין אז
איך זאל זעהען מיינע ברידער, דארום
איז ער ניט געקומען צו דעם טיש
פון דעם קעניג :
30 אונד דער צארן פון שאול האט
דערגרימט איבער יהונתן, אונד ער
האט צו איהם געזאגט, דיא זוהן פון
דער פערוואגלעריין, ווייס איך דען ניט
אז דוא האסט אויסדערוועהלט דעם
זוהן פון ישי צו דיינער שאנד, אונד
צו דיא שאנד פון דיא נאקעטהייט
פון דיינע מוטער ?
31 וואַרין אלע טעג וואס דער זוהן
פון ישי וועט לעבען אויף דער ערד,
וועסט דוא ניט בעשטיין אונד אויך
ניט דיין מלכות ; אונד אצונד שיק
אונד נעם איהם אהער צו מיר, וואַרין
ער איז חיב מיתה :
32 אונד יהונתן האט געענטפערט
זיין פאטער שאול, אונד ער האט צו
איהם געזאגט, פאר וואס זאל ער
שטארבען ? וואס האט ער געטהון ?
33 אזוי האט שאול אויף איהם גע־
ווארפען דעם שפּיז אום איהם צו
דערשלאגען, אונד יהונתן האט דורך
דעם געוואוסט אז זיין פאטער האט
זיך גאנץ פארגענומען צו טייטען דוד :
34 אזוי איז יהונתן אויפגעשטאנען
פון דעם טיש מיט גרימצארן, אונד
ער האט דעם אנדערן טאג אין חודש
ניט קיין ברויט געגעסען, וואַרין ער
האט זיך בעטריבט וועגען דוד ווייל
זיין פאטער האט איהם פערשעהמט :
35 אונד עס איז געוועזען אין דער
פריה אזוי איז יהונתן ארויסגעגאנגען
אויף דעם פעלד צו דער בעשטימטע
צייט מיט דוד, אונד א קליינער יונג
איז מיט איהם געוועזען :
36 אונד ער האט געזאגט צו זיין
יונג, לויף אונד געפין דיא פיילען
וואס איך שיס, אונד וויא דער יונג
איז געלאפען אזוי האט ער פאר איהם
פערבייא געשאסען א פייל :
37 אונד ווען דער יונג איז אנגעקומען
צו דעם אָרט אוואו יהונתן האט גע־
שאסען דיא פייל, אזוי האט יהונתן
גערופען נאך דעם יונג אונד ער האט
געזאגט, איז ניט דיא פייל ווייטער
פון דיר ?
38 אונד יהונתן האט נאכגערופען צו
דעם יונג, אייל דיך געשווינד, אונד
זוים דיך ניט, אזוי האט יהונתן'ס יונג
אויפגעקליבען דיא פיילען אונד ער
האט זייא געבראכט צו זיין האר :
39 אבער דער יונג האט גאר ניט
געוואוסט, נור יהונתן אונד דוד האבען
פון דער זאך געוואוסט :

40 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט גֶעגֶעבֶּען זַיין כְּלִי צוּ זַיין יוּנְג, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא בְּרֶענְג זֵייא אִין דֶער שְׁטָאט אַרַיין׃

41 אוּנְד וֶוען דֶער יוּנְג אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַזוֹי אִיז דָוִד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶער דָרוֹם־זַייט, אוּנְד עֶר אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף זַיין פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ דְרֵייא מָאל גֶעבִּיקְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן גֶע־קִישְׁט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מִיט אַנַאנְדֶער גֶעוֵויינְט, אָבֶּער דָוִד הָאט מֶעהְר גֶעוֵויינְט׃

42 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, גֵייא בְּשָׁלוֹם, אוּנְד דִיא שְׁבוּעָה וָואס מִיר הָאבֶּען בֵּיידֶע גֶעשְׁוָוארֶען בֵּייא דֶעם נָאמֶען פוּן יְהוָֹה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, יְהוָֹה זָאל זַיין צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד צְווִישֶׁען דִיר, צְווִישֶׁען מֵיין זָאמֶען אוּנְד צְווִישֶׁען דֵיין זָאמֶען בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג׃

קאפיטעל כא

1 דֶערְנָאךְ אִיז עֶר (דָוִד) אוֹיפְגֶע־שְׁטַאנֶען אוּנְד אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד יְהוֹנָתָן אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶער שְׁטָאט אַרַיין׃

2 אוּנְד דָוִד אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ נוֹב צוּ אַחִימֶלֶךְ הַכֹּהֵן, אוּנְד אַחִימֶלֶךְ הָאט גֶעצִיטֶערְט דָוִד עֶנְטְקֶעגֶען צוּ גֵיין, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וַוארוּם בִּיזְט דוּא אַלֵיין, אוּנְד קֵיינֶער אִיז נִיט מִיט דִיר׃

3 אַזוֹי הָאט דָוִד גֶעזָאגְט צוּ אַחִימֶלֶךְ הַכֹּהֵן, דֶער קֶענִיג הָאט מִיר גֶעבָּאטֶען אַ זַאךְ, אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט אַז קֵיינֶער זָאל פוּן דֶער זַאךְ נִיט וִויסֶען צוּ וָואס אִיךְ שִׁיק דִיךְ אוּנְד וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ צוּ מֵיינֶע יוּנְגֶען גֶעלָאזְט וִויסֶען דֶעם בֶּעשְׁטִימְטֶען אָרְט׃

4 אוּנְד אַצוּנְד וָואס אִיז אוּנְטֶער דֵיינֶע הַאנְד? וֶוען דוּא הָאסְט פִינְף בְּרוֹיט אַזוֹי גִיבּ זֵיא אִין מֵיינֶע הַאנְד, אָדֶער וָואס גֶעפִינְט זִיךְ (בֵּייא דִיר)׃

5 אוּנְד דֶער כֹּהֵן הָאט דָוִד גֶע־עֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין גֶעמֵיינֶעס בְּרוֹיט אוּנְטֶער מֵיינֶע הַאנְד, נֵייעֶרְט הֵיילִיגֶעס בְּרוֹיט אִיז דָא, אוֹיבּ דִיא יוּנְגֶען הָאבֶּען זִיךְ נָאר אָפְּגֶעהִיט פוּן אַ ווייבּ׃—

6 אוּנְד דָוִד הָאט דֶעם כֹּהֵן גֶעעֶנְטְ־פֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר זֶענֶען שׁוֹין אָפְּגֶעהִיט פוּן אַ ווייבּ דְרֵייא טֶעג, זֵייט אִין מֵיין אַרוֹיסְגֵיין, אוּנְד דִיא כֵּלִים פוּן דִיא יוּנְגֶען זֶענֶען הֵיילִיג, אוּנְד (דָאס בְּרוֹיט) וֶוערְט אוֹיף דֶעם וֶועג גֶעמֵיין, חָאטְשֶׁע עֶס וֶוערְט הֵיינְט גֶעהֵיילִיגְט אִין דֶעם כֵּלִי׃

7 אַזוֹי הָאט אִיהְם דֶער כֹּהֵן גֶעגֶעבֶּען גֶעהֵיילִיגְטֶעס (בְּרוֹיט), וָוארִין עֶס אִיז נִיט דָארְט גֶעוֶועזֶען קֵיין אַנְדֶערֶעס בְּרוֹיט נֵייעֶרְט דָאס לֶחֶם הַפָּנִים, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אָפְּגֶעטְהוּן פַאר גָאט, אוּם אַנִידֶער צוּ לֵייגֶען וַוארֶעם בְּרוֹיט אַן דֶעם טָאג וָואס מֶען נֶעמְט דָאס אַוֶועק׃

8 אוּנְד עֶס אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אַ מַאן פוּן שָׁאוּל'ס קְנֶעכְט, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיפְ־גֶעהַאלְטֶען פַאר גָאט, אוּנְד זַיין נָאמֶען וַואר דוֹאֵג אֵיין אַדוֹמִי, אַ הוֹיפְּט פַאסְטוּךְ פוּן שָׁאוּל׃

9 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַחִימֶלֶךְ, אִיז דָא פֶערְהַאנְדֶען אוּנְטֶער דֵיינֶע הַאנְד אַ שְׁפִּיז אָדֶער אַ שְׁוֶוערְט, וָוארִין

איך

אִיךְ הָאבּ נִיט מִיטְגֶענוּמֶען מֵיין שְׁוֶוערְט
אוּנְד אוֹיךְ נִיט מֵיין גֶעוֶועהְר, ווייל
דִיא זַאךְ פוּן דֶעם קֶענִיג אִיז אֵיילִיג
גֶעוֶועזֶען:
10 אוּנְד דֶער כֹּהֵן הָאט גֶעזָאגְט, עֶס
אִיז דָא דָאס שְׁוֶוערְט פוּן גָלְיַת הַפְּלִשְׁתִּי
ווֶעמֶען דוּא הָאסְט דֶערשְׁלָאגֶען אִין
דֶעם טְהָאל פוּן לִינְדֶען־בּוֹים, זֶעה,
זִיא אִיז אֵיינְגֶעווִיקֶעלְט אִין אַ קְלֵייד
(לֵיילֶעךְ) הִינְטֶער דֶעם אֵפוֹד, אוֹיבּ
דוּא ווִילְסְט זִיא צוּ דִיר נֶעמֶען נֶעם,
וָוארִין קֵיין אַנְדֶערֶע אִיז נִיט דָא חוּץ
דִיזֶע–אַזוֹי הָאט דָוִד גֶעזָאגְט, עֶס אִיז
קֵיינֶע אַזוֹי ווִיא דִיזֶע, גֶעבּ זִיא צוּ מִיר:
11 אַזוֹי אִיז דָוִד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
אִיז אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג פוּן פַאר
שָׁאוּל עֶנְטְלָאפֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
צוּ אָכִישׁ קֶענִיג פוּן גַת:
12 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן אָכִישׁ הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיז נִיט דָאס דֶער
דָוִד, דֶער מֶלֶךְ פוּן דֶעם לַאנְד? הָאבֶּען
זַייא נִיט צוּ דֶעם דָאזִיגֶען גֶעזוּנְגֶען
מִיט גֶעטַאנְץ, אוּנְד גֶעזָאגְט, שָׁאוּל
הָאט גֶעשְׁלָאגֶען אִין זַיינֶע טוֹיזֶענְדֶע,
אָבֶּער דָוִד אִין זַיינֶע צֶעהְן טוֹיזֶענְדֶע?
13 אוּנְד דָוִד הָאט דִיא דָאזִיגֶע
ווֶערְטֶער אִין זַיין הַארְץ גֶעלֵייגְט, אוּנְד
עֶר הָאט זֶעהְר מוֹרָא גֶעהַאט פַאר
אָכִישׁ מֶלֶךְ פוּן גַת:
14 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְעֶנְדֶערְט זַיין
בֶּענֶעהְמֶען פַאר זַיירֶע אוֹיגֶען, אוּנְד
עֶר הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט נַארֶעשׁ אִין
זַיירֶע הֶענְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעקְרִיצֶעלְט
אוֹיף דִיא טְהִירֶען פוּן דֶעם טְהָאר,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט זַיין שְׁפֵּייעֶכְץ
אַרוּפְּנִידֶערְן אוֹיף זַיין בָּארְט:
15 אַזוֹי הָאט אָכִישׁ גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע
קְנֶעכְט, זֶעהְט, דֶער מַאן אִיז דָאךְ
מְשֻׁגָע, וַוארוּם הָאט אִיהְר אִיהְם צוּ
מִיר גֶעבְּרַאכְט:
16 הָאבּ אִיךְ ווֵיינִיג מְשֻׁגָעִים, אַז
אִיהְר הָאט נָאךְ דֶעם אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט,
אַז עֶר זָאל פַאר מִיר מְשֻׁגָע זַיין, זָאל
דֶען דֶער דָאזִיגֶער אִין מֵיין הוֹיז
אַרֵיינְקוּמֶען?

קאפיטעל כב

1 אוּנְד דָוִד אִיז פוּן דָארְט אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז עֶנְטְרִינֶען צוּ דִיא
הֵייל עֲדֻלָּם, אוּנְד ווֶען זַיינֶע בְּרִידֶער,
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן זַיין
פָאטֶער הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי
זֶענֶען זַייא צוּ אִיהְם דָארְט אַרוּנְטֶערְ־
גֶעגַאנְגֶען:
2 אוּנְד עֶס הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם
פֶערְזַאמֶעלְט אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז גֶע־
ווֶעזֶען אוּנְטֶערְדְרִיקְט, אוּנְד אִיטְלִיכֶער
וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ בַּעַל חוֹב, אוּנְד
אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט גֶעהַאט אַ בִּיטֶער
גֶעמִיטְה; אוּנְד עֶר אִיז אִיבֶּער זַייא
גֶעוֶועזֶען אַן אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, אוּנְד עֶס
זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען אַן עֶרֶךְ
פוּן פִיעֶר הוּנְדֶערְט מַאן:
3 אוּנְד דָוִד אִיז פוּן דָארְט אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען נָאךְ מִצְפֵּה פוּן מוֹאָב, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן
מוֹאָב, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לָאז מֵיין פָאטֶער
אוּנְד מֵיינֶע מוּטֶער אַרוֹיסְגֵיין, אוּנְד
מִיט אֵייךְ זַיין בִּיז אִיךְ ווֶעל ווִיסֶען
וָואס גָאט ווֶעט פַאר מִיר טְהוּן:
4 אוּנְד עֶר הָאט זַייא אַהִינְגֶעפִיהְרְט
פַאר דֶעם מֶלֶךְ פוּן מוֹאָב, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶעווְאוֹינְט אַלֶע טֶעג
וָואס דָוִד אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער
פֶעסְטוּנְג:


אינד

5 אוּנְד גָד הַנָבִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דָוִד, דוּא זָאלְסְט נִיט בְּלֵייבֶּען אִין דֶער
פֶּעסְטוּנְג, גֵייא אַוֶועק אוּנְד דוּא זָאלְסְט
קוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד יְהוּדָה, אַזוֹי אִיז
דָוִד אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר אִיז
אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם וַואלְד חָרֶת׃
6 וֶוען שָׁאוּל הָאט גֶעהֶערְט אַז דָוִד
אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא
מֶענֶער וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶע־
וֶועזֶען- אָבֶּער שָׁאוּל אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין
גִבְעָה הִינְטֶער דֶעם לִינְדֶען־בּוֹים, מִיט
זַיין שְׁפִּיז אִין זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד אַלֶע
זַיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען גֶעבֶּען אִיהְם
גֶעשְׁטַאנֶען׃
7 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע
קְנֶעכְט וָואס זֶענֶען בֵּייא אִיהְם גֶע־
שְׁטַאנֶען, הֶערְט צוּ אִיהְר זִיהְן פוּן
בִּנְיָמִין! וֶועט דֶען דֶער זוּהְן פוּן יִשַׁי
גֶעבֶּען צוּ אֵייךְ אַלֶע, פֶעלְדֶער אוּנְד
וַויינְגֶערְטֶען, אוּנְד אֵייךְ אַלֶע מַאכֶען
צוּ אוֹיבֶּערשְׁטֶע אִיבֶּער טוֹיזֶענְדֶע, אוּנְד
אוֹיבֶּערשְׁטֶע אִיבֶּער הוּנְדֶערְט?
8 דָאס אִיהְר הָאט אֵייךְ אַלֶע פֶערְ־
בִּינְדֶען קֶעגֶען מִיר, אוּנְד קֵיינֶער הָאט
עֶס מִיר עֶנְטְפְּלֶעקְט אַז מֵיין זוּהְן הָאט
גֶעמַאכְט אַ בְּרִית מִיט דֶעם זוּהְן פוּן
יִשַׁי, אוּנְד קֵיינֶער פוּן אֵייךְ הָאט זִיךְ
דַארִיבֶּער גֶעקְרֶענְקְט, אוּנְד הָאט עֶס
צוּ מִיר עֶנְטְפְּלֶעקְט, דָאס מֵיין זוּהְן
אוּנְד מֵיין קְנֶעכְט זֶענֶען קֶעגֶען מִיר
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אַלְס לוֹירֶערְס וִויא עֶס
אִיז דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג?
9 אוּנְד דוֹאֵג דֶער אֲדוֹמִי, וָואס אִיז
אָנְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דִיא
קְנֶעכְט פוּן שָׁאוּל, הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דֶעם
זוּהְן פוּן יִשַׁי קוּמֶען נָאךְ נוֹב צוּ אֲחִימֶלֶךְ
דֶעם זוּהְן פוּן אֲחִיטוּב׃
10 אוּנְד עֶר הָאט וֶועגֶען אִיהְם אָנְ־
גֶעפְרֶעגְט בֵּייא גָאט, אוּנְד עֶר הָאט
אִיהְם גֶעגֶעבֶּען שְׁפֵּייז, אוּנְד דָאס
שְׁוֶוערְט פוּן גָלְיַת דֶעם פְּלִשְׁתִּי הָאט
עֶר צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען׃
11 אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג אַהִינְגֶעשִׁיקְט
צוּ רוּפֶען דֶעם אֲחִימֶלֶךְ הַכֹּהֵן, זוּהְן
פוּן אֲחִיטוּב אוּנְד דָאס גַאנְצֶע הוֹיזְ־
גֶעזִינְד פוּן זַיין פָאטֶער, דִיא כֹּהֲנִים
וָואס זֶענֶען אִין נוֹב, אוּנְד זַייא זֶענֶען
אַלֶע גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם קֶענִיג׃
12 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט, הֶער
דָאךְ, דוּא זוּהְן פוּן אֲחִיטוּב, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, הִיעֶר בִּין אִיךְ מֵיין
הַאר׃
13 אוּנְד שָׁאוּל הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וַוארוּם הָאט אִיהְר אֵייךְ פֶערְבִּינְדֶען
קֶעגֶען מִיר, דוּא אוּנְד דֶער זוּהְן פוּן
יִשַׁי, וֶוען דוּא הָאסְט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען
בְּרוֹיט אוּנְד אַ שְׁוֶוערְט, אוּנְד דוּא
הָאסְט זַיינֶעטְוֶועגֶען אָנְגֶעפְרֶעגְט בֵּייא
גָאט קֶעגֶען מִיר אוֹיפְצוּשְׁטֵיין אַלְס אַ
לוֹירֶער, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז דֶעם הֵיינְ־
טִיגֶען טָאג?
14 אוּנְד אֲחִימֶלֶךְ הָאט דֶעם קֶענִיג
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אוּנְד וֶוער
אִיז צְווִישֶׁען אַלֶע דֵיינֶע קְנֶעכְט אַזוֹי
גֶעטְרֵייא וִויא דָוִד, אוּנְד עֶר אִיז דֶער
אֵיידֶעם פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד קֶעהְרְט
זִיךְ אָפּ דִיךְ צוּ הֶערֶען, אוּנְד אִיז עֶר
נִיט גֶעאַכְטֶעט אִין דֵיין הוֹיז?
15 הָאבּ אִיךְ דֶען הֵיינְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
זַיינֶעטְוֶועגֶען בֵּייא גָאט אָנְצוּפְרֶעגֶען?
חָלִילָה צוּ מִיר! לָאז נִיט דֶער קֶענִיג
זַיין קְנֶעכְט בֶּעשׁוּלְדִיגֶען אִין קֵיין שׁוּם
זַאךְ אוּנְד דָאס גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן

מיין פֿאָטער, וואָרין דיין קנעכט האָט
פֿון דעם אַלעם גאָרנישט געוואוּסט, אַ
קליינע אָדער גרויסע זאַך:
16 אוּנד דער קעניג האָט געזאָגט,
אַחִימֶלֶךְ, דוּא מוּסט שטאַרבען, דוּא
אוּנד דאָס גאַנצע הויזגעזינד פֿוּן דיין
פֿאָטער:
17 אוּנד דער קעניג האָט געזאָגט צוּ
דיא לויפֿערס וואָס זענען ביא איהם
געשטאַנען, קעהרט איך אוּם אוּנד
טייטעט דיא כֹּהֲנִים פֿוּן גאָט, וואָרין
זייערע הענד זענען אויך געוועזען מיט
דָוִד, אוּנד וויל זייא האָבען געוואוּסט
אַז ער איז אַוועקגעלאָפען אוּנד זייא
האָבען עס ניט צוּ מיר ענטפּלעקט,
אָבער דיא קנעכט פֿוּן דעם קעניג
האָבען ניט געוואָלט אויסשטרעקען
זייערע הענד אַנצוּריהרען דיא כֹּהֲנִים פֿוּן
יְהֹוָה:
18 אַזוי האָט דער קעניג געזאָגט צוּ
דוֹאֵג, קעהר דוּא דיך אוּם אוּנד שלאָג
דיא כֹּהֲנִים, אוּנד דוֹאֵג דער אֲדוֹמִי
איז געפֿאַלען איבער דיא כֹּהֲנִים, אוּנד
ער האָט געטייטעט אַן דעמזעלביגען
טאָג פֿינף אוּנד אַכציג מאַן, איטליכער
פֿוּן זייא האָט געטראָגען אַ ליינענען
אֵפוֹד:
19 אוּנד נוֹב, דיא שטאָט פֿוּן דיא
כֹּהֲנִים האָט ער דערשלאָגען דוּרך דיא
שאַרף פֿוּן דעם שווערד, פֿוּן מאַן ביז
וויב, פֿוּן אַ קליין קינד ביז צוּ אַ
זייגענדיג קינד, אוּנד אָקס אוּנד איזעל
אוּנד שאָף, דוּרך דיא שאַרף פֿוּן דעם
שווערד:
20 אוּנד איין זוּהן פֿוּן אַחִימֶלֶךְ זוּהן
פֿוּן אַחִיטוּב איז ענטטראָגען געוואָרען,
אוּנד זיין נאָמען וואַר אֶבְיָתָר, אוּנד

ער איז דָוִד נאָכגעלאָפען:
21 אוּנד אֶבְיָתָר האָט אָנגעזאָגט צוּ
דָוִד אַז שָׁאוּל האָט געהרגעט דיא כֹּהֲנִים
פֿוּן יְהֹוָה:
22 אַזוי האָט דָוִד געזאָגט צוּ אֶבְיָתָר,
איך האָב עס געוואוּסט אין דעם דאָ־
זיגען טאָג איז דוֹאֵג דער אֲדוֹמִי דאָרט
געוועזען, אוּנד אַז ער וועט עס געוויס
אָנזאָגען צוּ שָׁאוּל, אַז איך האָב פֿערך
אוּרזאַכט דאָס לעבען פֿוּן דיין פֿאָטערס
הויזגעזינד:
23 בלייב מיט מיר, פֿאַרכט דיך ניט,
וואָרין דער וואָס זוּכט מיין לעבען
זוּכט אויך דיין לעבען; דען דוּא ביזט
ביא מיר גוּט בעהאַלטען:

## קאפיטעל כג

1 אוּנד זייא האָבען עס אָנגעזאָגט צוּ
דָוִד, אַזוי צוּ זאָגען, זעה, דיא פְּלִשְׁתִּים
האַלטען מִלְחָמָה מיט קְעִילָה, אוּנד
בערויבען דיא שייערן:
2 אוּנד דָוִד האָט אָנגעפֿרעגט ביא
גאָט, אַזוי צוּ זאָגען, זאָל איך אַהינגיין
אוּנד שלאָגען דיא דאָזיגע פְּלִשְׁתִּים?
אוּנד גאָט האָט געזאָגט צוּ דָוִד, גייא
אוּנד שלאָג דיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנד העלף
קְעִילָה:
3 אוּנד דָוִד'ס לייטע האָבען צוּ איהם
געזאָגט, זעה, מיר פֿאַרכטען אוּנס
היער אין יְהוּדָה וויא פֿיל מעהר נאָך
ווען מיר וועלען גיין קיין קְעִילָה קעגען
דיא אָנריכטוּנג פֿוּן דיא פְּלִשְׁתִּים:
4 אַזוי האָט דָוִד נאָך אַ מאָל אָנ־
געפֿרעגט ביא גאָט, אוּנד גאָט האָט
איהם געענטפֿערט, אוּנד ער האָט גע־
זאָגט, שטייא אויף, גייא אַראָפּ קיין
קְעִילָה, וואָרין איך וועל דיא פְּלִשְׁתִּים
געבען אין דיינע האַנד אַריין:

5 אַזוֹי אִיז דָוִד מִיט זַיינֶע מֶענֶער אַהִינְגֶעגַאנְגֶען קֵיין קְעִילָה אוּנְד עֶר הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד עֶר הָאט אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט זֵיירֶע בְּהֵמוֹת, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען מִיט אַ גְרוֹיסֶען שְׁלַאק, אוּנְד דָוִד הָאט גֶעהָאלְפֶען דִיא בֶּעוואוינֶער פוּן קְעִילָה:

6 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז וֶוען אֶבְיָתָר דֶער זוּהְן פוּן אַחִימֶלֶךְ אִיז אֶנְטְלָאפֶען צוּ דָוִד קֵיין קְעִילָה, אַזוֹי אִיז עֶר אַרוּפְגֶעקוּמֶען מִיט אַן אֵפוֹד אִין זַיינֶע הַאנְד:

7 אוּנְד מֶען הָאט עֶס צוּ שָׁאוּל אָנְגֶעזָאגְט אַז דָוִד אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין קְעִילָה, אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט, גָאט הָאט אִיהְם אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט אִין מֵיינֶע הַאנְד, וָוארִין עֶר אִיז אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען וֶוען עֶר קוּמְט אַרֵיין אִין אַ שְׁטָאט וָואס הָאט טִירֶען אוּנְד רִיגֶעלְן:

8 אוּנְד שָׁאוּל הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק צוּ דֶער מִלְחָמָה, אַרוּפ צוּ גֵיין קֵיין קְעִילָה, צוּ בֶּעלַאגֶערְן דָוִד מִיט זַיינֶע לֵייט:

9 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעווִאוּסְט אַז שָׁאוּל טְרַאכְט אוֹיף אִיהְם בֵּייזֶעס, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ אֶבְיָתָר הַכֹּהֵן, בְּרֶענְג אַהֶער דֶעם אֵפוֹד:

10 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט, אָ יְהוָֹה, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, דַיין קְנֶעכְט הָאט גֶעהֶערְט אַז שָׁאוּל בֶּעגֶעהְרְט צוּ קוּמֶען קֵיין קְעִילָה אוּם דִיא שְׁטָאט מֵיינֶעטְוֶועגֶען צוּ פֶערְדַארְבֶּען:

11 וֶועלֶען מִיךְ דִיא לֵייט פוּן קְעִילָה אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערְן אִין זַיינֶע הַאנְד? וֶועט שָׁאוּל אַרוּנְטֶערְקוּמֶען אַזוֹי וִויא דַיין קְנֶעכְט הָאט גֶעהֶערְט? אָ יְהוָֹה גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, זָאג עֶס דָאךְ צוּ דַיין קְנֶעכְט. אוּנְד יְהוָֹה הָאט גֶעזָאגְט, עֶר וֶועט אַרוּנְטֶערְקוּמֶען:

12 אוּנְד דָוִד הָאט ווִידֶער גֶעזָאגְט, וֶועלֶען דִיא לֵייטֶע פוּן קְעִילָה מִיךְ אוּנְד מֵיינֶע מֶענֶער אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערְן אִין דִיא הַאנְד פוּן שָׁאוּל? אוּנְד יְהוָֹה הָאט גֶעזָאגְט, זֵייא וֶועלֶען דִיךְ אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערְן:

13 אַזוֹי אִיז דָוִד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען מִיט זַיינֶע מֶענֶער, אַן עֶרֶךְ פוּן זֶעקְס הוּנְדֶערְט מַאן, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן קְעִילָה, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַהִינְגֶעגַאנְגֶען וְואוּ אַהִין זֵייא הָאבֶּען גֶעקֶענְט גֵיין, אוּנְד מֶען הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל אַז דָוִד אִיז אֶנְטְלָאפֶען פוּן קְעִילָה, אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיפְגֶעהֶערְט אַרוֹיסְצוּגֵיין:

14 אוּנְד דָוִד אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶער מִדְבָּר אִין אַ פֶעסְטוּנְג, אוּנְד עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף אַ בַּארְג אִין דֶער מִדְבָּר זִיף, אוּנְד שָׁאוּל הָאט אִיהְם אַלֶע טָאג גֶעזוּכְט, אָבֶּער גָאט הָאט אִיהְם נִיט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין זַיינֶע הַאנְד:

15 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזֶעהֶען אַז שָׁאוּל אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען זַיין לֶעבֶּען צוּ זוּכֶען. אוּנְד דָוִד אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער מִדְבָּר זִיף אִין אַ וַואלְד:

16 אוּנְד יְהוֹנָתָן זוּהְן פוּן שָׁאוּל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען צוּ דָוִד אִין דֶעם וַואלְד, אוּנְד עֶר הָאט זַיינֶע הֶענְד גֶעשְׁטַארְקְט אִין גָאט:

17 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָארְכְט דִיךְ נִיט, וָוארִין דִיא הַאנְד פוּן שָׁאוּל מֵיין פָאטֶער וֶועט דִיךְ נִיט גֶעפִינֶען; אוּנְד דוּא וֶועסְט קֶענִיגֶען

אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיךְ װעל זַיין
דֶער צְװייטֶער פוּן דִיר, אוּנְד דָאס
װייס אױךְ שָׁאוּל מַיין פָאטֶער:
18 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֵּיידֶע כּוֹרֵת
בְּרִית גֶעװעזֶען פַאר גָאט, אוּנְד דָוִד
אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶעם װַאלְד, אָבֶּער
יְהוֹנָתָן אִיז אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען:
19 אוּנְד דִיא לֵייטֶע פוּן זִיפִים זֶענֶען
אַרױפְגֶעגַאנְגֶען צוּ שָׁאוּל נָאךְ גִבְעָה,
אוּנְד גֶעזָאגְט, הָאט זִיךְ נִיט דָוִד בֶּע־
הַאלְטֶען בֵּייא אוּנְס אִין דִיא פֶעסְטוּנְג
אִין דֶעם װַאלְד, אִין דֶער הֵייךְ פוּן
חֲכִילָה, װָאס אִיז אַן דֶער רֶעכְטֶע זֵייט
פוּן דֶער װִיסְטֶענֵייא (יְשִׁמוֹן)?
20 אוּנְד אַצוּנְד אָ קֶענִיג צוּ אַלֶעם
װָאס גְלִיסְט דִיר אַרוּפְצוּגֵיין קוּם אַרוּפּ,
אוּנְד פוּן אוּנְזֶערֶע זֵייט זָאל זַיין אִיהְם
צוּ אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערְן אִין דִיא הַאנְד פוּן
דֶעם קֶענִיג:
21 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט, גֶע־
בֶּענְשְׁט זֶענְט אִיהְר פוּן גָאט, דָאס
אִיהְר הָאט אֵייךְ אִיבֶּער מִיר דֶערְ־
בַּארְמְט:
22 גֵייט נוּן, אוּנְד בְּרֵייט אֵייךְ אָן,
אוּנְד דֶערְקֶענְט אוּנְד זֶעהְט זַיין אָרְט
אַװאוּ זַיין פוּס אִיז, אוּנְד װער עֶס
הָאט אִיהְם דָארְט גֶעזֶעהֶען, װָארִין
מֶען הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז עֶר גֵייט
אַרוּם מִיט עָרְמוּת:
23 דַארוּם זֶעהְט אוּנְד דֶערְקֶענְט אַלֶע
זַיינֶע בֶּעהַאלְטוּנְגֶען אַװאוּ עֶר בֶּעהַאלְט
זִיךְ דָארְטֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּ מִיר
צוּרִיקְקוּמֶען מִיט אַ זִיכֶערְהֵייט, אוּנְד
אִיךְ װעל מִיט אֵייךְ אַהִינְגֵיין, אוּנְד עֶס
װעט זַיין װען עֶר אִיז אִין דֶעם לַאנְד
אַזוֹי װעל אִיךְ אִיהְם אוֹיסְזוּכֶען צְװִישֶׁען
אַלֶע טוֹיזֶענְדֶע פוּן יְהוּדָה:

24 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד אַהִינְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ זִיף פַאר שָׁאוּל,
אוּנְד דָוִד אוּנְד זַיינֶע מֶענֶער זֶענֶען
גֶעװעזֶען אִין דֶער מִדְבָּר מָעוֹן, אִין
דֶעם פְּלַוין בֵּייא דֶער רֶעכְטֶער זֵייט
פוּן יְשִׁמוֹן:
25 אוּנְד שָׁאוּל אוּנְד זַיינֶע מֶענֶער
זֶענֶען אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אִיהְם צוּ זוּכֶען,
אוּנְד מֶען הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ דָוִד;
אַזוֹי אִיז עֶר אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם
פֶעלְזֶען-שְׁטֵיין אוּנְד אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין
דֶער מִדְבָּר מָעוֹן; װען שָׁאוּל הָאט
דָאס גֶעהֶערְט אַזוֹי הָאט עֶר דָוִד נָאכְ־
גֶעיָאגְט אִין דֶער מִדְבָּר מָעוֹן:
26 אוּנְד שָׁאוּל אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען
אוֹיף דִיזֶער זֵייט פוּן דֶעם בַּארְג, אוּנְד
דָוִד אוּנְד זַיינֶע מֶענֶער אוֹיף דֶער
אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן דֶעם בַּארְג, אוּנְד
דָוִד הָאט זִיךְ גֶעאֵיילְט אַװעקְצוּגֵיין פוּן
פַאר שָׁאוּל, אָבֶּער שָׁאוּל אוּנְד זַיינֶע
מֶענֶער הָאבֶּען אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט דָוִד
מִיט זַיינֶע מֶענֶער אוּם אִיהְם צוּ
גֶעמֶען:
27 אָבֶּער אַ שָׁלִיחַ אִיז גֶעקוּמֶען צוּ
שָׁאוּל אוּנְד גֶעזָאגְט, אֵייל דִיךְ אוּנְד
גֵייא, װָארִין דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען זִיךְ
פֶערשְׁפְּרֵייט אִיבֶּער דֶעם לַאנְד:
28 אַזוֹי הָאט זִיךְ שָׁאוּל אוּמְגֶעקֶעהְרְט
פוּן נָאכְצוּיָאגֶען דָוִד, אוּנְד עֶר אִיז
אַהִינְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים,
דַארוּם הָאט מֶען דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען אָרְט
גֶערוּפֶען סֶלַע הַמַחְלְקוֹת:

## קאפיטעל כד

1 אוּנְד דָוִד אִיז פוּן דָארְט אַרױפְּ־
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶער
פֶעסְטוּנְג עֵין־גֶדִי:
2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװעזֶען װען שָׁאוּל

האט זיך אומגעקעהרט פון נאכצוגיין
דיא פלשתים דאס מען האט צו איהם
געזאגט, זעה, דוד איז אין דער מדבר
עין־גדי :
3 אזוי האט שאול גענומען דרייא
טויזענד אויסדערוויילטע מענער פון
גאנץ ישראל, אונד ער איז אהינגעגע־
גאנגען צו זוכען דוד אונד זיינע מענער
אויף דיא פעלזען פון דיא שטיינבעקע :
4 אונד ער איז אנגעקומען צו דיא
שאף שטאלען וואס זענען געוועזען
בייא דעם וועג, אונד דארט איז גע־
וועזען א הייל, אונד שאול איז אריינ־
געקומען זיינע פיס צו בעדעקען, אונד
דוד אונד זיינע מענער זענען געבליבען
אן דיא זייטען פון דיא הייל :
5 אונד דוד'ס מענער האבען צו איהם
געזאגט, זעה, היינט איז דער טאג
פון וועלכען גאט האט צו דיר געזאגט,
זעה, איך וועל געבען דיין פיינד אין
דיינע האנד אריין, אונד דוא זאלסט
צו איהם טהון וואס איז וואוילגעפאלען
אין דיינע אויגען ; אזוי איז דוד אויפ־
געשטאנען אונד ער האט שטילערהייט
אפגעשניטען דאס עק פון שאול'ס
מאנטעל :
6 אונד עס איז געוועזען נאכדעם
אזוי האט דוד'ס הארץ אין איהם גע־
קלאפט, ווייל ער האט אפגעשניטען
דאס עק פון שאול'ס מאנטעל :
7 אונד ער האט געזאגט צו זיינע
מענער, פערמיטען זאל דאס זיין צו
מיר פון גאט, אויב איך וועל טהון
דיא דאזיגע זאך צו מיין האר, דעם
געזאלבטען פון גאט, מיינע האנד אן
איהם אויסצושטרעקען, וואריין ער איז
דער געזאלבטער פון גאט :
8 אזוי האט דוד צושייט זיינע מענער
מיט דיא ווערטער, אונד ער האט ניט
צוגעגעבען אז זייא זאלען אויפשטיין
קעגען שאול ; אבער שאול איז אויפ־
געשטאנען פון דער הייל, אונד ער
איז אוועקגעגאנגען אויף זיין וועג :
9 אונד נאכדעם איז דוד אויפ־
געשטאנען אונד ער איז אויך ארויס־
געגאנגען פון דער הייל, אונד ער
האט נאכגערופען נאך שאול, אזוי צו
זאגען, מיין האר קעניג ! אונד ווען
שאול האט הינטער זיך געקוקט, אזוי
האט זיך דוד געבייגט מיט זיין פנים
צו דער ערד אונד האט זיך געבוקט :
10 אזוי האט דוד געזאגט צו שאול,
פאר וואס הערסט דוא דיא ווערטער
פון מענשען אזוי צו זאגען, דוד זוכט
דיר שלעכטעס צו טהון ?
11 זעה, דעם היינטיגען טאג האבען
דיינע אויגען געזעהען אז גאט האט
דיך היינט איבערגעגעבען אין מיינע
האנד אין דער הייל, אונד מען האט
מיר געזאגט אז איך זאל דיך הרג'נען,
אבער איך האב מיך איבער דיר
דערבארמט, אונד איך האב געזאגט
אז איך וועל ניט אויסשטרעקען מיינע
האנד קעגען מיין האר, וואריין ער איז
איין געזאלבטער פון גאט :
12 אונד דוא מיין פאטער, זעה, יוא
זעה אז דאס עק פון דיין מאנטעל איז
אין מיינע האנד, וואריין אין דעם דאס
איך האב אפגעשניטען דאס עק פון
דיין מאנטעל אונד איך האב דיך ניט
געהרג'ט, אזוי קענסט דוא ערקענען
אונד זעהען אז עס איז ניט קיין שום
שלעכטעס אדער זינד אין מיינע האנד,
אונד איך האב אויך ניט קעגען דיר


געזינדיגט

גְעזִינְדִיגְט, אוּנְד דָאךְ יָאגְסְט דוּא מִיךְ
נָאךְ אוּם מִיךְ צוּ גֶעמֶען:
13 גָאט זָאל מְשַׁפֵּט׳ן צְווִישֶׁען מִיר
אוּנְד צְווִישֶׁען דִיר, אוּנְד גָאט זָאל זִיךְ
פַאר מִיר בַּייא דִיר נוֹקֵם זַיין, אָבֶּער
מֵיינֶע הַאנְד זָאל נִיט אַן דִיר זַיין:
14 וִויא דָאס גַאנְץ אַלְטֶע מָשָׁל זָאגְט,
פוּן דִיא רְשָׁעִים גֵייט אַרוֹיס רִשְׁעוּת,
אָבֶּער מֵיינֶע הַאנְד זָאל נִיט זַיין אַן דִיר:
15 נָאךְ וְועמֶען אִיז דֶער קֶענִיג פוּן
יִשְׂרָאֵל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען? וְועמֶען יָאגְסְט
דוּא נָאךְ? נָאךְ אַ טוֹיטֶען הוּנְד, נָאךְ
אַ פְלוֹי?
16 לָאז גָאט זַיין דֶער רִיכְטֶער, אוּנְד
מְשַׁפֵּט׳ן צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד דִיר, אוּנְד
זֶעהֶען, אוּנְד קְרִיגֶען מֵיין קְרִיג, אוּנְד
זָאל מִיךְ מְשַׁפֵּט׳ן (אָדֶער מַצִיל זַיין)
אוֹיס דֵיינֶער הַאנְד:
17 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וְוען דָוִד
הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ רֶעדֶען דִיא דָא־
זִיגֶע וֶוערְטֶער צוּ שָׁאוּל, אַזוֹי הָאט
שָׁאוּל גֶעזָאגְט, אִיז דָאס דָאס קוֹל פוּן
מֵיין זוּהְן דָוִד? אוּנְד שָׁאוּל הָאט
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיין קוֹל אוּנְד עֶר הָאט
גֶעוֵויינְט:
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד,
דוּא בִּיזְט גֶערֶעכְטֶער פוּן מִיר, וָוארִין
דוּא הָאסְט מִיר פֶערְגָאלְטֶען גוּטֶעס,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיר פֶערְגָאלְטֶען שְׁלֶעכְ־
טֶעס:
19 אוּנְד דוּא הָאסְט הַיינְט גֶעוִויזֶען אַז
דוּא הָאסְט מִיר גוּטֶעס גֶעטְהוּן, וְוען
גָאט הָאט מִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין
דֵיינֶע הַאנְד אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ נִיט
גֶעהַרְגֶ׳ת:
20 אוּנְד וְוען אַ מַאן גְעפִינְט זַיין פֵיינְד
אוּנְד עֶר שִׁיקְט אִיהְם אַוֶועק אִין גוּטֶען
וֶועג, לָאז דִיר גָאט בֶּעצָאלֶען גוּטֶעס
פַאר דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג וָואס דוּא
הָאסְט צוּ מִיר גֶעטְהוּן:
21 אוּנְד אַצוּנְד, זֶעה, אִיךְ וֵויים אַז
דוּא וֶועסְט גֶעווִיס רֶעגִירֶען, אוּנְד אַז
דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועט בֶּע־
שְׁטֵיין בְּלֵייבֶּען אִין דֵיינֶע הַאנְד:
22 אוּנְד אַצוּנְד, שְׁוֶוער צוּ מִיר בַּייא
גָאט אַז דוּא וֶועסְט נִיט פֶערְטִילְגֶען
מֵיין זָאמֶען נָאךְ מִיר, אוּנְד אַז דוּא
וֶועסְט נִיט פֶערְטִילְגֶען מֵיין נָאמֶען פוּן
מֵיין פָאטֶערְ׳ס הוֹיז:
23 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ
שָׁאוּל, אוּנְד שָׁאוּל אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ
זַיין הוֹיז, אוּנְד דָוִד אוּנְד זַיינֶע לֵייטֶע
זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער פֶעסְטוּנְג:

## קאפיטעל כה

1 אוּנְד וְוען שְׁמוּאֵל אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ גַאנְץ יִשְׂרָאֵל אֵיינְגֶע־
זַאמֶעלְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
בֶּעקְלָאגְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
בֶּעגְרָאבֶּען אִין זַיין הוֹיז אִין רָמָה,
אוּנְד דָוִד אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער מִדְבַּר פָּארָן:
2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן אִין
מָעוֹן, וָואס הָאט גֶעהַאט זַיין גֶעשֶׁעפְט
אִין כַּרְמֶל; אוּנְד דֶער מַאן אִיז גֶע־
וֶועזֶען זֶעהְר גְרוֹיס, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעהַאט דְרֵייא טוֹיזֶענְד שָׁאף, אוּנְד
טוֹיזֶענְד צִיגֶען, אוּנְד עֶר וָואר בַּייא
דֶעם שֶׁערֶען פוּן זַיינֶע שָׁאף אִין כַּרְמֶל:
3 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם מַאן
וָואר נָבָל, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זַיין
וַוייבּ וָואר אַבִיגַיִל, אוּנְד דִיא פְרוֹי אִיז
גֶעוֶועזֶען, פוּן גוּטֶען פֶערְשְׁטַאנְד אוּנְד
פוּן שֵׁיינֶע גֶעשְׁטַאלְט, אָבֶּער דֶער מַאן
אִיז גֶעוֶועזֶען הַארְט אוּנְד פוּן בֵּייזֶע



מעשים

מַעֲשִׂים, אוּנְד עֶר וַואר פוּן דֶעם הויז־
גֶעזִינְד פוּן כָּלֵב׃
4 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעהֶערְט אִין דֶער
מִדְבָּר אַז נָבָל שֶׁערְט זַיינֶע שָׁאף׃
5 אוּנְד דָוִד הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט צֶעהְן
יוּנְגֶען, אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
יוּנְגֶען גֵייט אַרויף נָאךְ כַּרְמֶל, אוּנְד
וֶוען אִיהְר וֶועט קוּמֶען צוּ נָבָל אַזוֹי
זָאלְט אִיהְר אִיהְם פְרֶעגֶען אִין מֵיין
נָאמֶען נָאךְ שָׁלוֹם׃
6 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אַזוֹי זָאגֶען צוּ
דֶעם וָואס לֶעבְּט (גְלִיקְלִיךְ), שָׁלוֹם צוּ
דִיר, אוּנְד שָׁלוֹם צוּ דֵיין הויזְגֶעזִינְד,
אוּנְד צוּ אַלֶעם וָואס דוּא הָאסְט זָאל
זַיין שָׁלוֹם׃
7 אוּנְד אַצוּנְד הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט אַז
דוּא הָאסְט שֶׁערֶערְס, נוּן דֵיינֶע פַּאסְ־
טוּכֶערְס וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֵּייא
אוּנְס הָאבֶּען מִיר נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט,
אוּנְד עֶס הָאט צוּ זַייא קֵיין שׁוּם זַאךְ
נִיט גֶעפֶעהְלְט אַלֶע טֶעג וָואס זַייא
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין כַּרְמֶל׃
8 פְרֶעג דֵיינֶע יוּנְגֶען אוּנְד זַייא וֶועלֶען
דִיר זָאגֶען; דַארוּם לָאזֶען מֵיינֶע יוּנְגֶען
גֶעפִינֶען חֵן אִין דֵיינֶע אויגֶען, וָוארִין
מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען אויף אַ יוֹם טוֹב,
גִיבּ דָאךְ וָואס גֶעפִינְט זִיךְ אִין דֵיינֶע
הַאנְד צוּ דֵיין קְנֶעכְט, אוּנְד צוּ דֵיין
זוּהְן, צוּ דָוִד׃
9 אוּנְד וֶוען דָוִד'ס יוּנְגֶען זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶערֶעדְט צוּ
נָבָל אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער אִין
דֶעם נָאמֶען פוּן דָוִד, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
זִיךְ אָפְּגֶערוּהְט׃
10 אוּנְד נָבָל הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּ
דִיא קְנֶעכְט פוּן דָוִד, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז דָוִד? אוּנְד וֶוער אִיז
דֶער זוּהְן פוּן יִשַׁי? הֵיינְט זֶענֶען פִילֶע
קְנֶעכְט דִיא וָואס בְּרֶעכֶען אַוֶועק אִיטְ־
לִיכֶער פוּן פַאר זַיין הַאר׃
11 זָאל אִיךְ דֶען גֶעמֶען מֵיין בְּרוֹיט
אוּנְד מֵיין וַואסֶער, אוּנְד מֵיינֶע שֶׁעכְטוּנְג
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעשָׁאכְטֶען פַאר מֵיינֶע
שֶׁערֶערְס אוּנְד זָאל עֶס גֶעבֶּען צוּ
זָאלְכֶע מֶענֶער וָואס אִיךְ ווייס נִיט פוּן
וַואנֶען זַייא זֶענֶען?
12 אַזוֹי זֶענֶען דָוִד'ס יוּנְגֶען אוּמְ־
גֶעקֶעהְרְט צוּ זֵייעֶר וֶועג, אוּנְד זַייא
זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעזָאגְט אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְ־
טֶער׃
13 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע
מֶענֶער, גַארְטֶעט אָן אִיטְלִיכֶער זַיין
שְׁוֶוערְט, אַזוֹי הָאט אִיטְלִיכֶער זַיין
שְׁוֶוערְט אָנְגֶעגַארְטֶעלְט, אוּנְד דָוִד הָאט
אויךְ אָנְגֶעגַארְטֶעלְט זַיין שְׁוֶוערְט, אוּנְד
זַייא זֶענֶען אַרויפְגֶעגַאנְגֶען הִינְטֶער דָוִד,
אַן עֶרֶךְ פוּן פִיעֶר הוּנְדֶערְט מַאן, אוּנְד
צְווייא הוּנְדֶערְט זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען (צוּ
הִיטֶען) בֵּייא דִיא כֵּלִים׃
14 אָבֶּער אֵיינֶער פוּן דִיא יוּנְגֶען הָאט
גֶעזָאגְט צוּ אֲבִיגַיִל נָבָל'ס ווייבּ, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, זֶעה, דָוִד הָאט גֶעשִׁיקְט
שְׁלוּחִים פוּן דֶער מִדְבָּר אוּנְזֶער הַאר
צוּ בֶּענְשֶׁען, אוּנְד עֶר הָאט זַייא
אָנְגֶעשְׁרִיעֶן׃
15 אוּנְד דִיא מֶענֶער זֶענֶען זֶעהְר
גוּט גֶעוֶועזֶען צוּ אוּנְס, אוּנְד מִיר זֶענֶען
נִיט בֶּעשֶׁעהְמְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶס
הָאט אוּנְס אויךְ קֵיין שׁוּם זַאךְ גֶע־
פֶעהְלְט אַלֶע טֶעג וָואס מִיר זֶענֶען
מִיט זַייא אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען וֶוען מִיר זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אויף דֶעם פֶעלְד׃
16 זַייא זֶענֶען אויךְ צוּ אוּנְס גֶעוֶועזֶען

אַ מוֹיער

אַ מויעֶר בֶּייא טָאג אַזוי וִויא בֶּייא
נַאכְט, אַלֶע טֶעג וָוען מִיר זֶענֶען מִיט
זֵייא גֶעוֶועזֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעפַּאשֶׁעט
דִיא שָׁאף׃
17 אוּנְד אַצוּנְד דֶערְקֶען אוּנְד זֶעה
וָואס דוּא זָאלְסְט טְהוּן, וָוארִין דָאס
בֵּייזֶע הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזְט אִיבֶּער
אוּנְזֶער הַאר אוּנְד אִיבֶּער זַיין גַאנְצֶעס
הויזְגֶעזִינְד, וָוארִין עֶר אִיז אַזוי אַ
שְׁלֶעכְטֶער דָאס מֶען קֶען נִיט צוּ אִיהְם
רֶעדֶען׃
18 אַזוי הָאט זִיךְ אַבִיגַיִל גֶעאֵיילְט
אוּנְד זִיא הָאט גֶענוּמֶען צְוֵויא הוּנְדֶערְט
בְּרויט, אוּנְד צְוֵויא לָאגֶעל וַויין, אוּנְד
פִינְף צוּגֶעכְטגֶעמַאכְטֶע שָׁאף, אוּנְד
פִינְף מָאס גֶעבְּרֶענְטֶע זַאנְגֶען, אוּנְד
הוּנְדֶערְט הֶענְגֶלֶעךְ רָאזְשִׁינְקֶעס, אוּנְד
צְוֵויא הוּנְדֶערְט קֶערְבּ פֵייגֶען, אוּנְד
זִיא הָאט זֵייא אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט אויף דִיא
אֵייזֶעלְן׃
19 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְרֶע
יוּנְגֶען, גֵייט אַרִיבֶּער פַאר מִיר, זֶעהְט
אִיךְ קוּם הִינְטֶער אֵייךְ, אָבֶּער זִיא
הָאט עֶס נִיט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְר מַאן נָבָל׃
20 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וָוען זִיא
הָאט גֶערִיטֶען אויף דֶעם אֵייזֶעל, דָאס
זִיא אִיז אַרוּפְגֶענִידֶערְט אויף דֶער
פֶערְבָּארְגֶענֶע זֵייט פוּן דֶעם בַּארְג,
אוּנְד זֶעה, אַזוי אִיז דָוִד אוּנְד זֵיינֶע
מֶענֶער אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען אִיהְר עֶנְטְקֶעגֶען,
אוּנְד זִיא הָאט זֵייא בֶּעגֶעגֶענְט׃
21 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעטְרַאכְט, הָאבּ
אִיךְ אוּמְזִיסְט גֶעהִיט אַלֶעס וָואס גֶע־
הֶערְט צוּ דֶעם דָאזִיגֶען אִין דֶער מִדְבָּר,
אוּנְד פוּן אַלֶעם וָואס גֶעהֶערְט צוּ אִיהְם
הָאט קֵיין שׁוּם זַאךְ נִיט גֶעפֶעהְלְט,
אוּנְד עֶר הָאט מִיר צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט
שְׁלֶעכְטֶעס אַנְשְׁטָאט גוּטֶעס׃
22 אַזוי זָאל גָאט טְהוּן צוּ דִיא פֵיינְד
פוּן דָוִד, אוּנְד נָאךְ מֶעהְר, אוֹיבּ אִיךְ
וֶועל צוּ אִיהְם אִיבֶּערְלָאזֶען בִּיז מָארְגֶען
פְרִיה פוּן אַלֶע וָואס זֶענֶען מַשְׁתִּין אַן
דֶער וַואנְד׃
23 אוּנְד וֶוען אַבִיגַיִל הָאט גֶעזֶעהֶען
דָוִד, אַזוי הָאט זִיא זִיךְ גֶעאֵיילְט אוּנְד
אִיז אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם אֵייזֶעל,
אוּנְד זִיא אִיז גֶעפַאלֶען פַאר דָוִד אויף
אִיהְר פָּנִים, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶע־
בִּיקְט צוּ דֶער עֶרְד׃
24 אוּנְד זִיא אִיז גֶעפַאלֶען צוּ זֵיינֶע
פִיס, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט
דִיךְ מֵיין הַאר, אִין מִיר אִיז דִיא זִינְד,
לָאז דָאךְ דֵיינֶע דִינְסְטמוֹיד רֶעדֶען אִין
דֵיינֶע אוֹירֶען, אוּנְד הֶער צוּ דִיא רֵייד
פוּן דֵיינֶע דִינְסְטמוֹיד׃
25 לָאז נִיט מֵיין הַאר, אִיךְ בֶּעט דִיךְ,
בֶּעטְרַאכְטֶען דֶעם דָאזִיגֶען שְׁלֶעכְטֶען
מַאן, דֶעם נָבָל, וָוארִין אַזוי וִויא זֵיין
נָאמֶען אִיז נָבָל, אַזוי אִיז אויךְ זֵיינֶע
נַארִישְׁקֵייט מִיט אִיהְם, אָבֶּער אִיךְ,
דֵיינֶע דִינְסְטמוֹיד, הָאבּ נִיט גֶעזֶעהֶען
דִיא יוּנְגֶען וָואס דוּא הָאסְט גֶעשִׁיקְט׃
26 אוּנְד אַצוּנְד אַזוי וִויא גָאט לֶעבְּט
אוּנְד אַזוי וִויא דוּא לֶעבְּסְט, דָאס גָאט
הָאט דִיךְ צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען פוּן צוּ
קוּמֶען אוּם בְּלוּט צוּ פֶערְגִיסֶען, אוּנְד
אַז דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט אַלֵיין נוֹקֵם
זַיין, אוּנְד לָאזֶען אַצוּנְד דֵיינֶע פֵיינְד
זַיין וִויא נָבָל, אויךְ דִיא וָואס זוּכֶען
שְׁלֶעכְטֶעס צוּ מֵיין הַאר׃
27 אוּנְד הַיינְט לָאז דִיא דָאזִיגֶע מַתָּנָה
וָואס דֵיינֶע דִינְסְטמוֹיד הָאט גֶעבְּרַאכְט
צוּ מֵיין הַאר גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ דִיא
יוּנְגֶען וָואס גֵייעֶן נָאךְ מֵיין הַאר׃

28 איך בעט דיך, פערגעב דיא זינד
פון דיינע דינסטמויד, וואָרין גאָט וועט
פאַר געוויס מאַכען צו מיין האַר אַ
פאַרזיכערט הויזגעזינד, וואָרין מיין
האַר טהוט מלחמה האַלטען אין דיא
מלחמות פון יהוה, אונד קיין שום
שלעכטעס וועט אין דיר קיינמאָל ניט
געפונען ווערען:
29 אונד ווען אַ מענש איז אויפ־
געשטאַנען דיך צו יאָגען אונד דיין
לעבען צו זוכען, אַזוי זאָל דאָס לעבען
פון מיין האַר זיין איינגעבונדען אין
דעם בינדעל פון דעם לעבען פון יהוה
דיין גאָט, אָבער דאָס לעבען פון דיינע
פיינד וועט מען שליידערן וויא מען
שליידערט אויס דער מיטען מיט אַ
שטיין:
30 אונד עס וועט זיין אַז ווען יהוה
וועט טהון צו מיין האַר נאָך אַלעם
גוטען וואָס ער האָט איבער דיר גע־
רעדט, אונד ער וועט דיך געביטען
אַלס אַ הערשער איבער ישראל:
31 אַזוי זאָל דאָס צו דיר ניט זיין אַן
אַנשטויס אונד אַ שטרויכלונג פון דעם
הארץ צו מיין האַר, אונד אומזוסט
בלוט צו פערגיסען, אַז מיין האַר זאָל
זיך אַליין העלפען; אונד ווען גאָט
וועט מיין האַר גוטעס טהון אַזוי
זאָלסט דוא געדענקען אַן דיינע דינסט־
מויד:
32 אונד דוד האָט געזאָגט צו אַבגיל,
געבענשט איז יהוה דער גאָט פון
ישראל וואָס האָט דיך דעם היינטיגען
טאָג מיר ענטגעגען געשיקט:
33 אונד געבענשט איז דיינע עצה,
אונד געבענשט ביזט דוא ווייל דוא
האָסט מיך דעם היינטיגען טאָג צוריק־
געהאַלטען פון צו קומען בלוט צו
פערגיסען, אונד מיר אַליין צו העלפען:
34 זיכערליך, אַזוי וואָהר וויא יהוה
דער גאָט פון ישראל לעבט, וואָס האָט
מיך צוריקגעהאַלטען אום דיר שלעכ־
טעס צו טהון, וואָרין ווען דוא העסט
דיך ניט געאיילט אום מיר ענטגעגען
צו קומען, אויב איך העט צו נבל ביז
מאָרגען פריה איבערגעלאָזט איינעם
וואָס איז משתין אַן דער וואַנד:
35 אונד דוד האָט גענומען פון איהר
האַנד דאָס וואָס זיא האָט צו איהם
געבראַכט, אונד צו איהר האָט ער
געזאָגט, גייא אַרויף צו דיין הויז
בשלום, זעה, איך האָב צוגעהערט צו
דיין קול, אונד איך האָב דיין פנים
אָנגענומען:
36 אונד ווען אַבגיל איז אָנגעקאָמען
צו נבל, זעה, אַזוי איז געוועזען אַ
סעודה אין זיין הויז, וויא אַ סעודה
פון אַ מלך, אונד נבל'ס הארץ איז
פריילך געוועזען, אונד ער וואַר זעהר
שכור, אָבער זיא האָט איהם קיין
שום זאַך געזאָגט ביז אין דעם פריה
מאָרגען:
37 אונד עס איז געוועזען אַם פריה
מאָרגען, ווען נבל איז ניכטערן געוואָ־
רען, אַזוי האָט איהם זיין ווייב געזאָגט
פון דיא דאָזיגע זאַכען, אונד זיין
הארץ איז אין איהם (וויא) אָפּגע־
שטאָרבען, אונד ער איז געוואָרען וויא
אַ שטיין:
38 אונד עס איז געוועזען אין אַן ערך
פון צעהן טעג, אַזוי האָט גאָט גע־
שלאָגען דעם נבל אונד ער איז
געשטאָרבען:
39 אונד ווען דוד האָט געהערט אַז

נָבָל אִיז גֶעשְׁטָארבֶּען. אַזוֹי הָאט עֶר
גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט אִיז יְהוָֹה וָואס הָאט
גֶעשְׁטְרִיטֶען דֶען שְׁטְרֵייט פוּן מֵיינֶע
שַׁאנְד פוּן נָבָל'ס הַאנְד, אוּנְד הָאט
צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען זַיין קְנֶעכְט פוּן בֵּייזֶען,
אוּנְד דָאס בֵּייזֶע פוּן נָבָל הָאט גָאט
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט אוֹיף זַיין קָאפּ; אוּנְד
דָוִד הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט אוּנְד גֶעלָאזְט
רֶעדֶען מִיט אַבִגַיִל, אוּם זִיא צוּ זִיךְ צוּ
נֶעמֶען אַלְס אַ וַוייבּ:
40 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן דָוִד זֶענֶען
גֶעקוּמֶען צוּ אַבִגַיִל נָאךְ כַּרְמֶל. אוּנְד
זַייא הָאבֶּען גֶערֶעט, אוּנְד גֶעזָאגְט,
דָוִד הָאט אוּנְס צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט, אוּם
דִיךְ צוּ נֶעמֶען צוּ אִיהְם צוּ אַ וַוייבּ:
41 אַזוֹי אִיז זִיא אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט מִיט אִיהְר פָּנִים צוּ
דֶער עֶרְד, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה,
דֵיינֶע דִינְסְטמֵייד אִיז אַ דִינְסְט צוּ וַוא־
שֶׁען דִיא פִּיס פוּן מֵיין הַאר'ס קְנֶעכְט:
42 אוּנְד אַבִגַיִל הָאט זִיךְ גֶעאֵיילְט,
אוּנְד זִיא אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
גֶערִיטֶען אוֹיף דֶעם אֵייזֶעל, אוּנְד אִיהְרֶע
פִינְף יוּנְגֶע מֶערְדְכֶען זֶענֶען אִיהְר צוּ פִּיס
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זִיא אִיז נָאכְגֶעגַאנְגֶען
דִיא שְׁלוּחִים פוּן דָוִד, אוּנְד זִיא אִיז
גֶעוָוארֶען צוּ זַיין וַוייבּ:
43 אוּנְד דָוִד הָאט אוֹיךְ גֶענוּמֶען דִיא
אַחִינוֹעַם אוֹיס יִזְרְעֶאל, אוּנְד זַייא בֵּייד־
דֶע זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעוֶועזֶען צוּ
וַוייבֶּער:
44 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעגֶעבֶּען מִיכַל,
זַיינֶע טָאכְטֶער, דָאס וַוייבּ פוּן דָוִד צוּ
פַּלְטִי, זוּהְן פוּן לַיִשׁ אוֹיס גַלִים:

קאפּיטעל כו

1 אוּנְד דִיא זִפִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ
שָׁאוּל נָאךְ גִבְעָה אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
הָאט זִיךְ נִיט דָוִד בֶּעהַאלְטֶען אִין דֶער
הוֹיךְ פוּן חֲכִילָה וָואס אִיז אִין יְשִׁימוֹן?
2 אַזוֹי אִיז שָׁאוּל אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
אִיז אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער מִדְבַּר זִיף,
אוּנְד מִיט אִיהְם דְרֵייא טוֹיזֶענְד אוֹיס־
דֶערְוֶוייהלְטֶע מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּם
צוּ זוּכֶען דָוִד אִין מִדְבַּר זִיף:
3 אוּנְד שָׁאוּל הָאט זִיךְ גֶעלַאגֶערְט
בֵּייא דֶער הוֹיךְ פוּן חֲכִילָה, וָואס אִיז
פַאר יְשִׁימוֹן בֵּייא דֶעם וֶועג, אָבֶּער דָוִד
אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז שָׁאוּל אִיז אִיהְם
נָאכְגֶעקוּמֶען אִין דֶער מִדְבָּר אַרַיין:
4 אַזוֹי הָאט דָוִד אוֹיסְגֶעשִׁיקְט מְרַגְלִים,
אוּנְד עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז שָׁאוּל
אִיז זִיכֶער אָנְגֶעקוּמֶען:
5 אוּנְד דָוִד אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם אָרְט אַהִין וואוּ שָׁאוּל
הָאט זִיךְ גֶעלַאגֶערְט, אוּנְד דָוִד הָאט
גֶעזֶעהֶען דֶעם אָרְט וְואוּ שָׁאוּל אוּנְד
אַבְנֵר זוּהְן פוּן נֵר זַיין הוֹיפְּטמַאן, זֶענֶען
דָארְט גֶעלֶעגֶען, אָבֶּער שָׁאוּל אִיז גֶע־
לֶעגֶען אִין דֶעם צִירְקֶעל, אוּנְד דָאס
פָאלְק הָאט זִייא גֶעלַאגֶערְט רִינְגְס
אַרוּם אִיהְם:
6 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט צוּ אַחִימֶלֶךְ דֶעם חִתִּי, אוּנְד
צוּ אֲבִישַׁי זוּהְן פוּן צְרוּיָה, יוֹאָבּ'ס
בְּרוּדֶער, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוער וִויל מִיט
מִיר אַרוּפְגֵיין צוּ שָׁאוּל אִין דֶער
מַחֲנֶה? אוּנְד אֲבִישַׁי הָאט גֶעזָאגְט,
אִיךְ וֶועל מִיט דִיר אַרוּפְגֵיין:
7 אַזוֹי זֶענֶען דָוִד אוּנְד אֲבִישַׁי גֶעקוּ־
מֶען צוּ דֶעם פָאלְק בֵּייא נַאכְט, אוּנְד
זֶעה, שָׁאוּל אִיז גֶעלֶעגֶען אוּנְד הָאט
גֶעשְׁלָאפֶען אִין דֶעם צִירְקֶעל, אוּנְד זַיין
שְׁפִּיז אִיז גֶעוֶועזֶען אַרַיינְגֶעשְׁטֶעקְט אִין

דער ערד בייא זיין קאפּ קישען, אונד
אבנר אונד דאס פאלק זענען געלעגען
רינגס ארום איהם :
8 אונד אבישי האט געזאגט צו דוד,
גאט האט היינט איבערגעגעבען דיין
פיינד אין דיינע האנד ; לאז מיך איהם
דאך יעצט אויף איין מאל דערשלאגען
מיט דעם שפּיז ביז אן דער ערד, אונד
איך וועל איהם ניט דאס צווייטע מאל
שלאגען :
9 אונד דוד האט געזאגט צו אבישי
דוא זאלסט איהם ניט פערדארבען,
וואָרין ווער קען זיינע האנד אויס־
שטרעקען אן דעם געזאלבטען פון
יהוה אונד אונשולדיג בלייבען ?
10 אונד דוד האט ווייטער געזאגט,
אזוי וויא יהוה לעבט, נייערט יהוה
זאל איהם שלאגען, אָדער זיין טאג
וועט קומען צו שטארבען, אָדער ער
וועט ארופּגיין צו דער מלחמה אונד
אומקומען :
11 פערמיטען זאל עס צו מיר זיין
פון גאט אז איך זאל אויסשטרעקען
מיינע האנד קעגען דעם געזאלבטען
פון יהוה ; אונד אצונד נעם דאך
אוועק דעם שפּיז וואס איז בייא זיין
קאפּ, אונד דאס קריגעל מיט וואסער
אונד לאמיר אוועקגיין :
12 אזוי האט דוד גענומען דעם שפּיז
אונד דאס קריגעל מיט וואסער וואס
איז געוועזען צו קאפּענס פון שאול,
אונד זייא זענען אוועקגעגאנגען, אונד
קיינער האט זייא ניט געזעהען אונד
קיינער האט עס ניט געוואוסט, אונד
קיינער איז אויפגעוואכט, וואָרין זייא
האבען אלע געשלאפען, וואָרין א
טיפער שלאף פון גאט איז אויף זייא
געפאלען :
13 אונד דוד איז אריבערגעגאנגען
אויף דער אנדערע זייט אונד ער האט
זיך געשטעלט אויף דער שפּיץ פון
דעם בארג פון ווייטען, עס איז צווישען
זייא געוועזען א גרויסער פּלאץ :—
14 אונד דוד האט גערופען צו דעם
פאלק, אונד צו אבנר זוהן פון נר,
אזוי צו זאגען, ענטפערסט דוא ניט
אבנר ? אונד אבנר האט געענטפערט
אונד געזאגט, ווער ביזט דוא וואס
רופסט צו דעם קעניג ?
15 אונד דוד האט געזאגט צו אבנר,
ביזט דוא ניט א העלד ? אונד ווער
איז דיר גלייך אין ישראל ? אונד
וואַרום האסט דוא ניט געהיט דיין
הער, דעם מלך ? וואָרין איינער פון
דעם פאלק איז געקומען צו פערדארבען
דעם קעניג, דיין הער :
16 דיא זאך איז ניט גוט וואס דוא
האסט געטהון, אזוי וויא יהוה לעבט,
איהר זענט דעם טויט שולדיג, ווייל
איהר האט ניט געהיט אייער הער,
דעם געזאלבטען פון יהוה, אונד אצונד
זעהט, וואו איז דעם מלך'ס שפּיז
אונד דאס קריגעל מיט וואסער וואס
איז געוועזען צו זיין קאפּענס :
17 אונד שאול האט דערקענט דאס
קול פון דוד, אונד ער האט געזאגט,
איז דאס דיין קול מיין זוהן דוד ?
אונד דוד האט געזאגט, עס איז מיין
קול, מיין הער קעניג !
18 אונד ער האט געזאגט, פאר וואס
איז עס אז מיין הער יאגט נאך זיין
קנעכט, וואָרין וואס האב איך געטהון ?
אָדער וואס פאר שלעכטעס איז אין
מיינע האנד ?


אונד

19 אוּנְד אַצוּנְד לָאז דָאךְ מֵיין הַאר
דֶער קֶענִיג הֶערֶען דִיא וֶוערְטֶער פוּן
זֵיין קְנֶעכְט, וֶוען גָאט הָאט דִיךְ קֶעגֶען
מִיר אָנְגֶערֵייצְט, לָאז עֶר שְׁמֶעקֶען מֵיין
מִנְחָה, אוּנְד וֶוען עֶס אִיז פוּן מֶענְשֶׁען,
אַזוֹי זָאלֶען זֵייא פֶערְשָׁאלְטֶען זֵיין פַאר
גָאט; וָוארִין זֵייא הָאבֶּען מִיךְ הֵיינְט
פֶערְטְרִיבֶּען אַז אִיךְ זָאל מִיךְ נִיט
בֶּעהֶעפְטֶען אַן דֶער נַחֲלָה פוּן יְהוָֹה,
אוּנְד גֶעזָאגְט, גֵייא אַוֶועק אוּנְד דִינֶע
אַנְדֶערֶע גֶעטֶער:
20 אוּנְד יֶעצְט, לָאז דָאךְ נִיט מֵיין
בְּלוּט פַאלֶען צוּ דֶער עֶרְד פַאר גָאט,
וָוארִין דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ זוּכֶען אַ פְּלוֹי, אַזוֹי
וִויא מֶען יָאגְט נָאךְ אַ (קוֹרֵא) רֶעבְּ־
הוּן אוֹיף דִיא בֶּערְג:
21 אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט, אִיךְ
הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט, קֶעהְר צוּרִיק, מֵיין
זוּהְן דָוִד, וָוארִין אִיךְ וֶועל דִיר נִיט
מֶעהְר קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן; וַוייל דוּא
הָאסְט מֵיין לֶעבֶּען טְהֵייעֶר גֶעהַאלְטֶען
אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג,
זֶעה, אִיךְ הָאבּ נַארִישׁ גֶעהַאנְדֶעלְט,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעהְר תּוֹעֶה גֶע־
וֶועזֶען:
22 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט זֶעה דֶעם שְׁפִּיז פוּן דֶעם מֶלֶךְ,
לָאז אֵיינֶער פוּן דִיא יוּנְגֶען אַרִיבֶּערְ־
קוּמֶען אוּנְד עֶס גֶעמֶען:
23 אוּנְד לָאז גָאט צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ
אִיטְלִיכֶען נָאךְ זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
אוּנְד נָאךְ זֵיינֶע טְרֵייהֵייט, וָוארִין
הָאטְשֶׁע גָאט הָאט דִיךְ הֵיינְט אִין
מֵיינֶע הַאנְד גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
נִיט גֶעוָואלְט אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען מֵיינֶע הַאנְד
אַן דֶעם גֶעזַאלְבְּטֶען פוּן יְהוָֹה:
24 אוּנְד זֶעה, אַזוֹי וִויא דֵיין נֶפֶשׁ אִיז
גֶעאַכְטֶעט גֶעוֶועזֶען אִין מֵיינֶע אוֹיגֶען,
אַזוֹי זָאל מֵיין נֶפֶשׁ גֶעאַכְטֶעט זֵיין אִין
דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט, אוּנְד עֶר זָאל
מִיךְ מַצִיל זֵיין פוּן אַלֶע צָרוֹת:
25 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד,
גֶעבֶּענְשְׁט בִּיזְט דוּא מֵיין זוּהְן דָוִד,
דוּא וֶועסְט עֶס אוֹיךְ גֶעוִויס טְהוּן, אוּנְד
דוּא וֶועסְט אוֹיךְ גֶעוִויס בֵּייקוּמֶען;
אַזוֹי אִיז דָוִד אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף זֵיין
וֶועג, אוּנְד שָׁאוּל הָאט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט
צוּ זֵיין אָרְט:

## קאפיטעל כז

1 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעטְרַאכְט אִין זֵיין
הַארְץ, אַצוּנְד וֶועל אִיךְ דָאךְ אֵיין
טָאג אוּמְקוּמֶען פוּן דֶער הַאנְד פוּן
שָׁאוּל, עֶס אִיז פַאר מִיר נִיט בֶּעסֶערֶעס
פֶערְהַאנְדֶען, נֵייעֶרְט אַז אִיךְ זָאל עֶנְטְ־
רִינֶען צוּ דֶעם לַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים,
אַזוֹי וֶועט שָׁאוּל אוֹיס פֶערְצְוֵוייפְלוּנְג
מִיךְ נִיט מֶעהְר אוֹיפְזוּכֶען אִין אַלֶע
גְרֶענְעֶצֶען פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיךְ וֶועל
עֶנְטְרִינֶען פוּן זֵיינֶע הַאנְד:
2 אוּנְד דָוִד אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, עֶר אוּנְד דִיא
זֶעכְס הוּנְדֶערְט מַאן וָואס זֶענֶען מִיט
אִיהְם גֶעוֶועזֶען--צוּ אָכִישׁ זוּהְן פוּן
מָעוֹךְ, קֶענִיג פוּן גַת:
3 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעוְואוֹינְט מִיט
אָכִישׁ אִין גַת, עֶר אוּנְד זֵיינֶע לֵייטֶע,
אִיטְלִיכֶער מִיט זֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד, דָוִד
מִיט זֵיינֶע צְוֵוייא וַוייבֶּער, אֲחִינוֹעַם
אוֹיס יִזְרְעֶאל, אוּנְד אֲבִיגַיִל, דָאס וַוייבּ
פוּן נָבָל, אוֹיס כַּרְמֶל:
4 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען
צוּ שָׁאוּל אַז דָוִד אִיז עֶנְטְלָאפֶען קַיין גַת,
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם נִיט מֶעהְר גֶעזוּכְט:

אונד

5 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אָכִישׁ,
וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען חֵן אִין דֵיינֶע
אוֹיגֶען, אַזוֹי זָאל מֶען מִיר גֶעבֶּען אֵיין
אָרְט אִין אֵיינֶע פוּן דִיא שְׁטֶעט פוּן דֶעם
פֶּעלְד, אוּנְד אִיךְ וֶועל דָארְט וְואוֹינֶען,
וַוארוּם זָאל דֵיין קְנֶעכְט וְואוֹינֶען
בֵּייא דִיר אִין דִיא קֶענִיגְלִיכֶע שְׁטָאט?
6 אַזוֹי הָאט אָכִישׁ צוּ אִיהְם אַן דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעגֶעבֶּען צִקְלַג, דַארוּם
גֶעהֶערְט צִקְלַג צוּ דִיא קֶענִיגֶען פוּן
יְהוּדָה בִּיז צוּ דֶעם הֵייטִיגֶען טָאג:
7 אוּנְד דִיא צָאל פוּן דִיא טֶעג וָואס
דָוִד הָאט גֶעווְאוֹינְט אִין דֶעם פֶּעלְד
פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין
יָאהְר אוּנְד פִיעֶר חֳדָשִׁים:
8 אוּנְד דָוִד אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען מִיט
זֵיינֶע מֶענֶער אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
פֶּערְשְׁפְּרֵייט קֶעגֶען דֶעם גְשׁוּרִי אוּנְד
דֶעם גִזְרִי אוּנְד דֶעם עֲמָלֵק, וָוארִין
זֵייא הָאבֶּען פוּן פְרִיהֶערֶע צֵייטֶען גֶע־
וְואוֹינְט אִין דֶעם לַאנְד וְואוּ מֶען קוּמְט
פוּן שׁוּר בִּיז צוּ דֶעם לַאנְד מִצְרָיִם:
9 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דָאס
לַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעלָאזְט
לֶעבֶּען קֵיין מַאן אוּנְד קֵיין וַוייבּ, אוּנְד
עֶר הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען שָׁאף, אוּנְד
רִינְדֶער, אוּנְד אֵייזֶעל, אוּנְד קֶעמֶעל,
אוּנְד קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר הָאט צוּרִיקְ־
גֶעקֶעהְרְט אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אָכִישׁ:
10 אוּנְד וֶוען אָכִישׁ הָאט גֶעזָאגְט,
הָאט אִיהְר אֵייךְ נִיט הֵייטֶע אוֹיסְגֶע־
שְׁפְּרֵייט? אַזוֹי הָאט דָוִד גֶעזָאגְט,
אוֹיף דֶער דָרוֹם־זֵייט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד
אוֹיף דֶער דָרוֹם־זֵייט פוּן יְרַחְמְאֵל, אוּנְד
אוֹיף דֶער דָרוֹם־זֵייט פוּן קֵינִי:
11 אָבֶּער דָוִד הָאט נִיט גֶעלָאזְט
לֶעבֶּען קֵיין מַאן אוּנְד קֵיין וַוייבּ, אַז
עֶר זָאל זֵייא בְּרֶענְגֶען נָאךְ גַת. עֶר
הָאט גֶעטְרַאכְט, טָאמֶער וֶועלֶען זֵייא
אִיבֶּער אוּנְס זָאגֶען, אַזוֹי פְּלֶעגְט דָוִד
צוּ טְהוּן, אוּנְד אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען זֵיין
שְׁטֵייגֶער אַלֶע צֵייט וָואס עֶר הָאט
גֶעווְאוֹינְט אִין דֶעם פֶּעלְד פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים:
12 אוּנְד אָכִישׁ הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אַן
דָוִד, אוּנְד גֶעזָאגְט, עֶר הָאט זִיךְ גֶע־
וִויס גֶעמַאכְט שְׁטִינְקֶען אוּנְטֶער זֵיין
פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר וֶועט צוּ מִיר
זֵיין אֵיין אֵייבִּיגֶער קְנֶעכְט:

קאפיטעל כח

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיזֶעלְ־
בִּיגֶע טֶעג, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא פְּלִשְׁתִּים
אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט זֵייעֶרֶע מַחֲנוֹת צוּ הֶערְ־
שַׁארֶען אוּם מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אָכִישׁ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דָוִד, דוּא זָאלְסְט גֶעוִויס וִויסֶען אַז דוּא
אוּנְד דֵיינֶע מֶענֶער וֶועסְט מִיט מִיר
(מוּזֶען) אַרוֹיסְגֵיין אִין דֶער מַחֲנֶה:
2 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אָכִישׁ,
דַארוּם וֶועסְט דוּא וִויסֶען וָואס דֵיין
קְנֶעכְט וֶועט טְהוּן; אוּנְד אָכִישׁ הָאט
גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, דַארוּם וֶועל אִיךְ דִיךְ
מַאכֶען אַלְס אַ שֹׁמֵר אִיבֶּער מֵיין קָאפּ
אַלֶע טֶעג:
3 אוּנְד שְׁמוּאֵל אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל הָאט אִיבֶּער אִיהְם
גֶעקְלָאגְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם בֶּע־
גְרָאבֶּען אִין רָמָה, זֵיינֶע שְׁטָאט, אוּנְד
שָׁאוּל הָאט אָפְּגֶעטְהוּן אַלֶע כִּישׁוּף
מַאכֶערְס פוּן דֶעם לַאנְד:
4 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען זִיךְ
אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אִין שׁוּנֵם,
אוּנְד שָׁאוּל הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט גַאנְץ

יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַא־
גֶערְט אִין גִלְבּוֹעַ:
5 אוּנְד װָען שָׁאוּל הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא
מַחֲנֶה פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים אַזוֹי הָאט עֶר
מוֹרָא גֶעהַאט אוּנְד זַיין הַארְץ הָאט
זִיךְ זֵייעֶר דֶערְשְׁרָאקֶען:
6 אוּנְד שָׁאוּל הָאט אַנְגֶעפְרֶעגְט בַּייא
גָאט, אָבֶּער גָאט הָאט אִיהְם נִיט גֶע־
עֶנְטְפֶערְט עֶנְטְװֶעדֶער דוּרְךְ חֲלוֹמוֹת
אוֹיךְ נִיט דוּרְךְ אוּרִים אוּנְד אוֹיךְ נִיט
דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים:
7 אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע
קְנֶעכְט, זוּכְט מִיר אוֹיס אַ מְכַשֵּׁפָה
אוּנְד אִיךְ װֶעל צוּ אִיהְר אַהִינְגֵיין,
אוּנְד אִיךְ װֶעל בַּייא אִיהְר נָאכְפְרֶע־
גֶען, אוּנְד זַיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה עֶס אִיז אַ מְכַשֵּׁפָה
פֶערְהַאנְדֶען אִין עֵין דוֹר:
8 אַזוֹי הָאט זִיךְ שָׁאוּל פֶערְשְׁטֶעלְט
אוּנְד הָאט זִיךְ אָנְגֶעטְהוּן אַנְדֶערֶע
קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען
אוּנְד צְװֵייא מֶענֶער מִיט אִיהְם, אוּנְד
זַייא זֶענֶען אַנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם װַייבּ
בַּייא נַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
מַאךְ מִיר דָאךְ כִּשּׁוּף דוּרְךְ אוֹב, אוּנְד
בְּרֶענְג מִיר אַרוֹיף דֶעם װָאס אִיךְ װֶעל
דִיר זָאגֶען:
9 אוּנְד דָאס װַייבּ הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא װֵייסְט װָאוֹיל װָאס
שָׁאוּל הָאט גֶעטְהוּן, װִיא עֶר הָאט
פֶערְטִלְגְט דִיא כִּשּׁוּף מַאכֶערְס פוּן
דֶעם לַאנְד, אוּנְד װַארוּם מַאכְסְט דוּא
אַ שְׁטְרוֹיכֶעלְגֶעץ פַאר מַיין לֶעבֶּען
אוּם מִיךְ צוּ טֵייטֶען?
10 אַזוֹי הָאט שָׁאוּל צוּ אִיהְר גֶע־
שְׁװָארֶען בַּייא יְהֹוָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
אַזוֹי װִיא יְהֹוָה לֶעבְּט אוֹיבּ עֶס װֶעט
דִיךְ אָן אוּנְטֶערְקֶעמֶעס בַּרְעֶפֶען װֶעגֶען
דִיזֶער זַאךְ:
11 אוּנְד דָאס װַייבּ הָאט גֶעזָאגְט,
װֶעמֶען זָאל אִיךְ דִיר אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען?
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בְּרֶענְג מִיר
אַרוֹיף דֶעם שְׁמוּאֵל:
12 אוּנְד װֶען דָאס װַייבּ הָאט גֶעזֶע־
הֶען שְׁמוּאֵל, אַזוֹי הָאט זִיא גֶעשְׁרִיגֶען
מִיט אַ גְרוֹיס קוֹל, אוּנְד דָאס װַייבּ
הָאט גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, װַארוּם הָאסְט
דוּא מִיךְ גֶענַארְט? דוּא בִּיזְט דָאךְ
שָׁאוּל:
13 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט צוּ אִיהְר
גֶעזָאגְט, פָארְכְט דִיךְ נִיט, װָאס
הָאסְט דוּא גֶעזֶעהֶען? אוּנְד דָאס װַייבּ
הָאט גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, אִיךְ הָאבּ גֶע־
זֶעהֶען גֶעטֶער אַרוֹיפְקוּמֶען פוּן דֶער עֶרְד:
14 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
װִיא װַאר זַיינֶע גֶעשְׁטַאלְט? אוּנְד זִיא
הָאט גֶעזָאגְט, אֵיין אַלְטֶער מַאן אִיז
אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר אִיז בֶּעדֶעקְט
מִיט אַ מַאנְטֶעל, אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶע־
װוּסְט אַז עֶר אִיז שְׁמוּאֵל, אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ גֶענֵייגְט מִיט זַיין פָּנִים צוּ
דֶער עֶרְד אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט:
15 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ
שָׁאוּל, װַארוּם הָאסְט דוּא מִיךְ אוּנְרוּהִיג
גֶעמַאכְט, אוּם מִיךְ אַרוֹיפְצוּבְּרֶענְגֶען?
אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט עֶס אִיז צוּ
מִיר זֵייעֶר עֶנְג, אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים
הַאלְטֶען מִלְחָמָה מִיט מִיר, אוּנְד גָאט
הָאט זִיךְ פוּן מִיר אָפְּגֶעטְהוּן, אוּנְד
װִיל מִיר נִיט מֶעהְר עֶנְטְפֶערְן, נִיט
דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים, אוֹיךְ נִיט דוּרְךְ
חֲלוֹמוֹת, דַארוּם הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעלָאזְט
רוּפֶען, אַז דוּא זָאלְסְט מִיר לָאזֶען
װִיסֶען װָאס אִיךְ זָאל טְהוּן:

16 אַזוי הָאט שְׁמוּאֵל גֶעזָאגְט, וַוארוּם
זָאלְסְט דוּא מִיךְ פְרֶעגֶען װֶען גָאט
הָאט זִיךְ פוּן דִיר אָפְּגֶעטְהוּן, אוּנְד אִיז
גֶעוָוארֶען דֵיין פֵיינְד?
17 אוּנְד גָאט הָאט פִיר זִיךְ גֶעטְהוּן
אַזוי וִויא עֶר הָאט דוּרְךְ מִיר גֶערֶעט,
וָוארִין גָאט הָאט אַװעקְגֶערִיסֶען דִיא
מְלוּכָה פוּן דֵיינֶע הַאנְד אוּנְד עֶר הָאט
זִיא גֶעגֶעבֶּען צוּ דֵיין חָבֵר, צוּ דָוִד:
18 װֵייל דוּא הָאסְט נִיט גֶעהָארְכְט
צוּ דֶער שְׁטִים פוּן יְהוָֹה, אוּנְד הָאסְט
נִיט אוֹיסְגֶערִיכְט זֵיין גְרִימְצָארְן אַן
עֲמָלֵק, דַארוּם הָאט גָאט דִיזֶע זַאךְ צוּ
דִיר גֶעטְהוּן דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג:
19 אוּנְד גָאט װֶעט אוֹיךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען
יִשְׂרָאֵל מִיט דִיר אִין דִיא הַאנְד פוּן
דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד מָארְגֶען װֶעסְט
דוּא אוּנְד דֵיינֶע קִינְדֶער מִיט מִיר זֵיין,
אוֹיךְ דִיא מַחֲנֶה פוּן יִשְׂרָאֵל װֶעט גָאט
אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים:
20 אוּנְד שָׁאוּל הָאט זִיךְ גֶעאֵיילְט,
אוּנְד אִיז גֶעפַאלֶען מִיט זֵיינֶע פָאלֶע
הֵייךְ צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶר הָאט
זֵייעֶר מוֹרָא גֶעהַאט װֶעגֶען דִיא װֶערְטֶער
פוּן שְׁמוּאֵל, אוּנְד עֶס אִיז אִין אִיהְם
קֵיין כֹּחַ נִיט גֶעװֶעזֶען, וָוארִין עֶר הָאט
דֶעם גַאנְצֶען טָאג אוּנְד דִיא גַאנְצֶע
נַאכְט קֵיין בְּרוֹיט גֶעגֶעסֶען:
21 אוּנְד דָאס װֵייבּ אִיז גֶעקוּמֶען צוּ
שָׁאוּל, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר
אִיז זֵייעֶר דֶערְשְׁרָאקֶען, אוּנְד זִיא הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה דֵיינֶע דִינְסְטמוֹיד
הָאט גֶעהָארְכְט צוּ דֵיינֶע שְׁטִים, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט מֵיין לֶעבֶּען,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהָארְכְט צוּ דֵיינֶע
בְּייד וָואס דוּא הָאסְט צוּ מִיר גֶערֶעט:
22 אוּנְד אַצוּנְד הֶער דוּא אוֹיךְ צוּ
דֶער שְׁטִים פוּן דֵיין דִינְסְט, אוּנְד לָאז
אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט פַאר דִיר פָארְגֶע־
לֵייגְט װֶערֶען אוּנְד עֶס אַז עֶס זָאל אִין
דִיר זֵיין כֹּחַ, װֶען דוּא װֶעסְט גֵיין אוֹיף
דֶעם װֶעג:
23 אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעװָאלְט, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ װֶעל נִיט עֶסֶען,
אָבֶּער זֵיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
דְרִינְגֶען, אוּנְד אוֹיךְ דָאס װֵייבּ, אַזוֹי
הָאט עֶר צוּגֶעהֶערְט צוּ זֵייעֶר קוֹל,
אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דֶער
עֶרְד, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף
דֶעם בֶּעט:
24 אוּנְד דָאס װֵייבּ הָאט גֶעהַאט אַ
פֶעט קַאלְבּ אִין דֶעם הוֹיז, אוּנְד זִיא
הָאט זִיךְ גֶעאֵיילְט אוּנְד הָאט עֶס גֶע־
שָׁאכְטֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶענוּמֶען מֶעהְל
אוּנְד הָאט עֶס גֶעקְנֶעטֶען אוּנְד גֶעבַּאקְט
מַצוֹת:
25 אוּנְד זִיא הָאט עֶס גֶענֶעהְנְט צוּ
פַאר שָׁאוּל אוּנְד פַאר זֵיינֶע קְנֶעכְט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד זֵייא זֶענֶען
אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיזֶעלְבִּיגֶע נַאכְט:

## קאפיטעל כט

1 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען אֵיינְ־
גֶעזַאמֶעלְט אַלֶע זֵייעֶרֶע מַחֲנוֹת נָאךְ
אֲפֵק, אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ גֶעלַאגֶערְט
אִין עַיִן וָואס אִיז אִין יִזְרְעֶאל:
2 אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ
הוּנְדֶערְטֶע אוּנְד צוּ טוֹיזֶענְדֶע; אוּנְד
דָוִד אוּנְד זֵיינֶע מֶענֶער זֶענֶען צוּ לֶעצְט
אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען מִיט אָכִישׁ:
3 אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס טְהוּעֶן
דיא

דיא דאָזיגע עבֿרים דאָ? און אָכיש
האָט געזאָגט צו דיא אויבערשטע פֿון
דיא פּלשתּים, איז ניט דער דאָזיגער
דוד אַ קנעכט פֿון שאול מלך פֿון
ישׂראל, וואָס איז מיט מיר געוועזען
דיא דאָזיגע טעג אָדער יאָהרען, און
איך האָב אין איהם ניט קיין פֿעהלער
געפֿונען פֿון דעם טאָג אָן זייט דעם
ער איז צו מיר צוגעפֿאַלען ביז צו
דעם היינטיגען טאָג?
4 אָבער דיא אויבערשטע פֿון דיא
פּלשתּים האָבען איבער איהם געצאָרנט
און דיא אויבערשטע פֿון דיא פּלשתּים
האָבען צו איהם געזאָגט, לאָז דער
מאַן צוריקקעהרען, אַז ער זאָל צוריק־
גיין צו זיין אָרט וואָס דוא האָסט איהם
דאָרט אָנגעשטעלט און ער זאָל ניט
מיט אונס אַרופּגיין צו דער מלחמה,
אַז ער זאָל צו אונס ניט זיין אַלס אַ
שׂטן אין דער מלחמה; און מיט וואָס
וועט זיך דער דאָזיגער מרצה זיין צו
זיין האַר? איז עס ניט מיט דיא קעפּ
פֿון דיא דאָזיגע מענער?
5 איז ניט דאָס דער דוד, פֿון וועמען
מען האָט געזונגען מיט טאַנצען, און
געזאָגט, שאול האָט געשלאָגען זיינע
טויזענדע, אָבער דוד זיינע צעהן
טויזענדע?
6 און אָכיש האָט גערופֿען דוד,
און ער האָט צו איהם געזאָגט, אַזוי
וויא גאָט לעבט ווייל דוא ביזט רעכט־
פֿערטיג, און דיין אַרויסגיין און
אַריינקומען מיט מיר אין דער מחנה
איז גוט אין מיינע אויגען, וואָרין איך
האָב אין דיר קיין שלעכטעס ניט
געפֿונען, פֿון דעם טאָג אָן ווען דוא
ביזט צו מיר געקומען ביז צו דעם
היינטיגען טאָג, אָבער אין דיא אויגען
פֿון דיא אויבערשטע ביזט דוא ניט
גוט:
7 און אַצונד קעהר צוריק און גיי
בשלום, אַז דוא זאָלסט קיין שלעכטעס
ניט טהון אין דיא אויגען פֿון דיא
אויבערשטע פֿון דיא פּלשתּים:
8 און דוד האָט געזאָגט צו אָכיש,
וואָס האָב איך דען געטהון? און
וואָס האָסט דוא געפֿינען אין דיין
קנעכט פֿון דעם טאָג אָן אַז איך בין
פֿאַר דיר געוועזען ביז צו דעם היינ־
טיגען טאָג, דאָס איך זאָל ניט קומען
און מלחמה האַלטען מיט דיא פֿיינד
פֿון מיין האַר דעם קעניג:
9 און אָכיש האָט געענטפֿערט און
געזאָגט צו דוד, איך וויים אַז דוא
ביזט גוט אין מיינע אויגען, אַזוי וויא
אַ מלאך פֿון גאָט, אָבער דיא אויבער־
שטע פֿון דיא פּלשתּים זאָגען, ער זאָל
ניט מיט אונס אַרופּגיין אין דער
מלחמה:
10 און אַצונד, שטייא פֿריה אויף
און דיא קנעכט פֿון דיין האַר וואָס
זענען מיט דיר געקומען, און ווען
איהר וועט אין דער פֿריה אויפשטיין,
און ווען עס איז ליכט אַזוי גייט
אַוועק:
11 אַזוי איז דוד אויפגעשטאַנען, ער
און זיינע מענער אין דער פֿריה
אַוועקצוגיין, און צוריק צו קעהרען
צו דעם לאַנד פֿון דיא פּלשתּים, און
דיא פּלשתּים זענען אַרויפֿגעגאַנגען
נאָך יזרעאל:

קאַפּיטעל ל

1 און עס איז געוועזען ווען דוד
און זיינע מענער זענען געקומען

נָאךְ צִקְלָג אַן דֶעם דְרִיטֶען טָאג, אוּנְד
דִיא עֲמָלֵקִים הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט
צוּ דֶער דָרוֹם־זֵייט אוּנְד צוּ צִקְלָג,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען צִקְלָג
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיא פֶערְבְּרֶענְט מִיט
פֵּייעֶר:
2 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעפַאנְגֶען גֶע־
נוּמֶען דִיא ווייבֶּער וָואס זֶענֶען דַארִין
גֶעוֶועזֶען, פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען קֵיין מַאן נִיט גֶעטֵייט, נֵייעֶרְט
זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוֹיף זֵייעֶר וֶועג:
3 אוּנְד וֶוען דָוִד אוּנְד זֵיינֶע מֶענֶער
זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶער שְׁטָאט,
הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעהֶען אַז זִיא אִיז
פֶערְבְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר, אוּנְד זֵייעֶרֶע
ווייבֶּער אוּנְד זֵייעֶרֶע זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער
זֶענֶען גֶעפַאנְגֶען גֶענוּמֶען:
4 אַזוֹי הָאט דָוִד אוּנְד דָאס פָאלְק
וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען אוֹיפְגֶע־
הוֹיבֶּען זֵייעֶר קוֹל אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעווֵיינְט, בִּיז עֶס אִיז אִין זֵייא נִיט
מֶעהְר כֹּחַ גֶעוֶועזֶען צוּ ווֵיינֶען:
5 אוֹיךְ דִיא צְווֵייא ווֵייבֶּער פוּן דָוִד,
אַחִינוֹעַם דִיא יִזְרְעֶאלִית, אוּנְד אַבִיגַיִל
דָאס ווֵייב פוּן נָבָל אוֹיס כַּרְמֶל זֶענֶען
אוֹיךְ גֶעפַאנְגֶען גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען:
6 אוּנְד עֶס אִיז צוּ דָוִד זֵייעֶר עֶנְג
גֶעוֶועזֶען, וָוארִין דָאס פָאלְק הָאט גֶע־
זָאגְט אַז מֶען זָאל דָוִד שְׁטֵיינִיגֶען, דֶען
דָאס לֶעבֶּען פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק
אִיז פֶערְבִּיטֶערְט גֶעוֶועזֶען, אִיטְלִיכֶער
וֶועגֶען זֵיינֶע זִיהְן אוּנְד וֶועגֶען זֵיינֶע
טֶעכְטֶער, אָבֶּער דָוִד הָאט זִיךְ גֶע־
שְׁטַארְקְט אִין יְהוָֹה זֵיין גָאט:
7 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אֶבְיָתָר
הַכֹּהֵן זוּהְן פוּן אַחִימֶלֶךְ, אִיךְ בֶּעט דִיךְ
גֶענֶעהְן צוּ מִיר דֶעם אֵפוֹד, אַזוֹי הָאט
אֶבְיָתָר גֶענֶעהְנְט דֶעם אֵפוֹד צוּ דָוִד:
8 אוּנְד דָוִד הָאט אָנְגֶעפְרֶעגְט בֵּייא
גָאט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זָאל אִיךְ נָאכְיָאגֶען
דָאס חַיִל? וֶועל אִיךְ זֵייא דֶערְגְרֵייכֶען,
אוּנְד עֶר (גָאט) הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, יָאג, וָוארִין דוּא וֶועסְט זֵייא
גֶעווִיס דֶערְגְרֵייכֶען אוּנְד דוּא וֶועסְט
זֵייא גֶעווִיס מַצִיל זֵיין:
9 אַזוֹי אִיז דָוִד אַהִינְגֶעגַאנְגֶען, עֶר
אוּנְד דִיא זֶעקְס הוּנְדֶערְט מַאן מִיט
אִיהְם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ
דֶעם טֵייךְ בְּשׂוֹר, אוּנְד דִיא אִיבֶּערְגֶע־
בְּלִיבֶּענֶע זֶענֶען שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען:
10 אוּנְד דָוִד הָאט זֵייא נָאכְגֶעיָאגְט,
עֶר אוּנְד דִיא פִיעֶר הוּנְדֶערְט מַאן,
אוּנְד צְווֵייא הוּנְדֶערְט מַאן זֶענֶען
שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען, וָואס זֶענֶען אַזוֹי
שְׁוַואךְ גֶעוֶועזֶען דָאס זֵייא הָאבֶּען נִיט
גֶעקֶענְט אַרִיבֶּערְגֵיין אִיבֶּער דֶעם טֵייךְ
בְּשׂוֹר:
11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעפִינֶען אַ
מִצְרִי אִין דֶעם פֶעלְד, אוּנְד זֵייא הָא־
בֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען צוּ דָוִד, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעגֶעבֶּען בְּרוֹיט אוּנְד עֶר
הָאט גֶעגֶעסֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעמַאכְט טְרִינְקֶען וַואסֶער:
12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעגֶעבֶּען
אַ שְׁטִיק פֵייגֶען-קוּכֶען אוּנְד צְווֵייא
הֶענְגֶעל רָאזִשִׁינְקֶעס, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט
גֶעגֶעסֶען אַזוֹי אִיז זֵיין גֵייסְט אִין אִיהְם
צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען, וָוארִין עֶר הָאט נִיט
גֶעגֶעסֶען קֵיין בְּרוֹיט אוּנְד נִיט גֶע־
טְרִינְקֶען קֵיין וַואסֶער דְרֵייא טֶעג אוּנְד
דְרֵייא נֶעכְט:
13 אוּנְד דָוִד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
צוּ וֶועמֶען גֶעהֶערְסְט דוּא? אוּנְד פוּן

וואַנעֶן בִּיזְט דוּא ? אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זָאגְט, אִיךְ בִּין אַ מִצְרִי'שֶׁער יוּנְג, אוּנְד
אַ קְנֶעכְט צוּ אַ מַאן פוּן עֲמָלֵק, אוּנְד
מַיין הַאר הָאט מִיךְ פֶערְלָאזְט, ווייל
אִיךְ בִּין הַיינְט שׁוֹין דְרַייא טֶעג קְרַאנְק :
14 מִיר הָאבֶּען אוּנְס פֶערְשְׁפְּרַייט
אוֹיף דֶער דָרוֹם־זַייט פוּן כְּרֵתִי, אוּנְד
אוֹיף (דֶעם לַאנְד) וָואס גֶעהֶערְט צוּ
יְהוּדָה, אוּנְד אוֹיף דִיא דָרוֹם־זַייט פוּן
כָּלֵב, אוּנְד מִיר הָאבֶּען צִקְלָג פֶערְ־
בְּרֶענְט מִיט פַייעֶר :
15 אוּנְד דָוִד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וֶועסְט דוּא מִיךְ אַרוּיפְבְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם
דָאזִיגֶען חַיִל ? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
וֶוען דוּא וֶועסְט מִיר שְׁוֶוערֶען בַּייא
גָאט אַז דוּא וֶועסְט מִיךְ נִיט טֵייטֶען,
אוּנְד נִיט אִיבֶּערְאַנְטְוָוארְטֶען אִין דִיא
הַאנְד פוּן מַיין הַאר אַזוֹי וֶועל אִיךְ
דִיךְ אַרוּנְטֶערְבְּרִינְגֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען
חַיִל :
16 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אִיהְם אַרוּנְ־
טֶערְגֶעבְּרַאכְט, זֶעה, אַזוֹי וַוארֶען זַייא
אוֹיסְגֶעשְׁפְּרַייט אוֹיף דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד,
זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען,
אוּנְד גֶעטַאנְצְט מִיט דֶעם גַאנְצֶען
זַאקְרוּיב וָואס זַייא הָאבֶּען אַוֶועקְגֶענָא־
מֶען פוּן דֶעם לַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים
אוּנְד פוּן דֶעם לַאנְד פוּן יְהוּדָה :
17 אוּנְד דָוִד הָאט זַייא גֶעשְׁלָאגֶען
פוּן פַארְטָאגְס אָן בִּיז צוּ דֶעם אָבֶּענְד
פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג, אוּנְד עֶס אִיז
נִיט פוּן זַייא אַנְטְרִינֶען אַ מַאן, נֵייעֶרְט
פִיעֶר הוּנְדֶערְט יוּנְגֶע מֶענֶער וָואס הָא־
בֶּען גֶערִיטֶען אוֹיף קֶעמֶעלְן זֶענֶען
אַנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען :
18 אוּנְד דָוִד הָאט מַצִיל גֶעוֶועזֶען
אַלֶעס וָואס עֲמָלֵק הָאט אַוֶועקְגֶענָאמֶען,
אוֹיךְ זַיינֶע צְוַוייא וַוייבֶּער הָאט דָוִד
מַצִיל גֶעוֶועזֶען :
19 אוּנְד עֶס הָאט צוּ זַייא גָארְנִיט
גֶעפֶעהְלְט, פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס, פוּן
זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער, אוּנְד פוּן דֶעם
זַאקְרוּיב, אוּנְד פוּן אַלֶעס וָואס זַייא
הָאבֶּען צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען, אַלֶעס הָאט
דָוִד אוּמְגֶעקֶעהְרְט :
20 אוּנְד דָוִד הָאט גֶענוּמֶען אַלֶע
שָׁאף אוּנְד דִיא רִינְדֶער, (אוֹיךְ) דִיא
פִיהְרֶערְס פוּן דִיא דָאזִיגֶע בְּהֵמוֹת,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז
דֶער זַאקְרוּיב פוּן דָוִד :
21 אוּנְד דָוִד אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא
צְוַוייא הוּנְדֶערְט מַאן וָואס הָאבֶּען זִיךְ
פֶערְמַיטֶען פוּן נָאכְצוּגֵיין נָאךְ דָוִד, אוּנְד
וָואס זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען בַּייא דֶעם טֵייךְ
בְּשׂוֹר; אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְ־
גֶען אַנְטְקֶעגֶען דָוִד אוּנְד אַנְטְקֶעגֶען
דֶעם פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם
גֶעוֶועזֶען; אוּנְד וֶוען דָוִד אִיז נָאהֶענְט
גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם פָאלְק אַזוֹי הָאט עֶר
זַייא גֶעפְרֶעגְט נָאךְ שָׁלוֹם :
22 אוּנְד אִיטְלִיכֶער שְׁלֶעכְטֶער מַאן
פוּן דִיא מֶענֶער וָואס זֶענֶען מִיטְגֶע־
גַאנְגֶען מִיט דָוִד הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, ווייל זַייא
זֶענֶען נִיט מִיט אוּנְס מִיטְגֶעגַאנְגֶען
אַזוֹי זָאל צוּ זַייא נִיט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען
פוּן דֶעם זַאקְרוּיב וָואס מִיר הָאבֶּען
מַצִיל גֶעוֶועזֶען, נֵייעֶרְט אִיטְלִיכֶער מַאן
זָאל אַוֶועקְפִיהְרֶען זַיין וַוייב אוּנְד זַיינֶע
קִינְדֶער, אוּנְד אַוֶועקְגֵיין :
23 אָבֶּער דָוִד הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר
זָאלְט נִיט אַזוֹי טְהוּן, מַיינֶע בְּרִידֶער,
דָאס וָואס גָאט הָאט צוּ אוּנְס גֶעגֶע־
בֶּען, אוּנְד הָאט אוּנְס גֶעהִיט, אוּנְד

ער האט דאס היל וואס איז קעגען אונס געקומען אין אונזערע האנד איבערגעגעבען׃
24 אונד ווער וועט צו אייך הערען וועגען דער דאזיגער זאך, ווארין אזוי וויא דאס חלק איז פון דעם וואס גייט ארופ אין דער מלחמה אזוי איז אויך דאס חלק פון דעם וואס בלייבט בייא דיא כלים, זייא זאלען זיך צוזאמען מהיילען׃
25 אונד עס איז אזוי געוועזען פון דעם טאג און אונד דאריבער, אונד ער האט עס געמאכט אלס א געזעץ אונד א משפט צו ישראל ביז צו דעם היינטיגען טאג׃
26 אונד ווען דוד איז געקומען נאך צקלג אזוי האט ער געשיקט פון דעם זאקרויב צו דיא עלצטע פון יהודה, צו זיינע פריינד אזוי צו זאגען, זעהט דאס איז א מתנה צו אייך פון דעם זאקרויב פון דיא פיינד פון יהוה׃
27 צו דיא וואס זענען אין בית־אל, אונד צו דיא וואס זענען אן דער דרום־זייט פון רמות, אונד צו דיא וואס זענען אין יתר׃
28 אונד צו דיא וואס זענען אין ערוער, אונד צו דיא וואס זענען אין שפמות, אונד צו דיא וואס זענען אין אשתמוע׃
29 אונד צו דיא וואס זענען אין רכל, אונד צו דיא וואס זענען אין דיא שטאט פון דיא ירחמאלי, אונד צו דיא וואס זענען אין דיא שטעט פון דעם קיני׃
30 אונד צו דיא וואס זענען אין חרמה, אונד צו דיא וואס זענען אין בכור־עשן, אונד צו דיא וואס זענען אין עתך׃
31 אונד צו דיא וואס זענען אין חברון, אונד צו אלע ערטער וואו דוד מיט זיינע מענער פלעגען דארט ארומגיין׃

## קאפיטעל לא

1 אונד דיא פלשתים האבען מלחמה געהאלטען מיט ישראל, אונד דיא מענער פון ישראל זענען אנטלאפען פאר דיא פלשתים, אונד דיא דער־שלאגענע זענען געפאלען אויף דעם בארג גלבוע׃
2 אונד דיא פלשתים האבען זיך בעהעפט אן שאול אונד זיינע זיהן, אונד דיא פלשתים האבען געשלאגען יהונתן אונד אבינדב אונד מלכישוע, דיא זיהן פון שאול׃
3 אונד דיא מלחמה איז שווער גע־וועזען קעגען שאול, אונד עס האבען איהם געפונגען דיא מענער וואס שיסען מיט דעם בויגען, אונד ער איז זייער פערוואונדעט געווארען פון דיא שיסערס׃
4 אזוי האט שאול געזאגט צו זיין געווער טרעגער, ציה ארויס דיין שווערט אונד שטעך מיך דאמיט, אז דיא דאזיגע ערלים זאלען ניט קומען אונד מיך דורכשטעכען, אונד איבער מיר שפעטען, אבער זיין געווער טרעגער האט ניט געוואלט, ווארין ער האט זעהר מורא געהאט, אזוי האט שאול גענומען דאס שווערט אונד ער איז דארויף געפאלען׃
5 אונד ווען זיין געווער טרעגער האט געזעהען אז שאול איז געשטארבען, אזוי איז ער אויך אויף זיין שווערט געפאלען אונד ער איז מיט איהם גע־שטארבען׃

6 אַזוֹי אִיז שָׁאוּל, אוּנְד זַיינֶע דְרַייא
זִיהְן, אוּנְד זַיין גֶעוֶועהר טְרֶעגֶער, אוֹיךְ
אַלֶע זַיינֶע מֶענֶער אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג צוּזַאמֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען׃
7 אוּנְד וֶוען דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
וָואס וַוארֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זַייט
פוּן דֶעם טְהָאל, אוּנְד וָואס וַוארֶען
אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זַייט יַרְדֵן, הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען אַז דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
זֶענֶען עֶנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד אַז
שָׁאוּל אוּנְד זַיינֶע זִיהְן זֶענֶען טוֹיט,
אַזוֹי הָאבֶּען זַייא (אוֹיךְ) פֶערְלָאזֶען
דִיא שְׁטֶעט, אוּנְד זֶענֶען עֶנְטְלָאפֶען;
אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען גֶעקוּמֶען
אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִין זַייא גֶעוְואוֹינְט׃
8 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
אַנְדֶערְן מָארְגֶען, אַזוֹי זֶענֶען דִיא
פְּלִשְׁתִּים גֶעקוּמֶען אוֹיסְצוּצִיהֶען דִיא
דֶערשְׁלָאגֶענֶע, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעפוּנֶען
שָׁאוּל אוּנְד זַיינֶע דְרַייא זִיהְן גֶעפַאלֶען
אוֹיף דֶעם בַּארְג גִלְבּוֹעַ׃
9 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען זַיין
קָאפּ, אוּנְד אָפְּגֶעצוֹיגֶען זַיין גֶעוֶועהר,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעשִׁיקְט אַרוּנְגֶם
אַרוּם אִין דֶעם לַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים,
אוּם עֶס מְבַשֵּׂר צוּ זַיין אִין דֶעם הוֹיז
פוּן זַיירֶע אָפְּגֶעטֶער אוּנְד צוּ דֶעם
פָאלְק׃
10 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַרַיינְגֶעלֵייגְט
זַיין גֶעוֶועהר אִין דֶעם הוֹיז פוּן עַשְׁתָּרוֹת,
אוּנְד זַיין גוּף הָאבֶּען זַייא אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען
אוֹיף דִיא מוֹיעֶר פוּן בֵּית שָׁן׃
11 אוּנְד וֶוען דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן
יָבֵישׁ גִלְעָד הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָאס וָואס
דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶעטְהוּן צוּ שָׁאוּל׃
12 אַזוֹי זֶענֶען אַלֶע חַיִל'ס מֶענֶער
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען אַהִינְגֶע
גֶעגַאנְגֶען דִיא גַאנְצֶע נַאכְט, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען גֶענוּמֶען דֶעם גוּף פוּן שָׁאוּל
אוּנְד דִיא גוּפִים פוּן זַיינֶע זִיהְן פוּן
דִיא מוֹיעֶר פוּן בֵּית שָׁן, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען זַייא גֶעבְּרַאכְט נָאךְ יָבֵשׁ, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען זַייא דָארְט פֶערבְּרֶענְט׃
13 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען זַיירֶע
בֵּיינֶער אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא בֶּעגְרָאבֶּען הִינְטֶער אַ בּוֹים אִין יָבֵשׁ,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעפַאסְט זִיבֶּען טֶעג׃

חזק

# שמואל ב א

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶעם
טוֹיט פוּן שָׁאוּל, וֶוען דָוִד אִיז צוּרִיקְ־
גֶעקוּמֶען פוּן שְׁלָאגֶען דֶעם עֲמָלֵק,
אַזוֹי אִיז דָוִד גֶעבְּלִיבֶּען צְוֵייא טֶעג אִין
צִקְלָג:
2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
דְרִיטֶען טָאג; זֶעה, אַזוֹי אִיז אַ מַאן
גֶעקוּמֶען פוּן דֶער מַחֲנֶה פוּן שָׁאוּל,
אוּנְד זַיינֶע קְלֵיידֶער צוּרִיסֶען, אוּנְד
עֶרְד אוֹיף זַיין קָאפּ, אוּנְד עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען צוּ
דָוִד אַזוֹי אִיז עֶר אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען צוּ
דֶער עֶרְד אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט:
3 אוּנְד דָוִד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פוּן וַואנֶען קוּמְסְט דוּא? אוּנְד עֶר
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט אִיךְ בִּין אֶנְטְ־
רוּנֶען פוּן דֶער מַחֲנֶה פוּן יִשְׂרָאֵל:
4 אוּנְד דָוִד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וָואס אִיז דִיא זַאךְ? זָאג מִיר דָאךְ,
אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט אַז
דָאס פָאלְק אִיז אֶנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען
פוּן דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד אוֹיךְ פִיעל פוּן
דֶעם פָאלְק אִיז גֶעפַאלֶען אוּנְד זַייא
זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד אוֹיךְ שָׁאוּל
אוּנְד זַיין זוּהְן יְהוֹנָתָן זֶענֶען אוֹיךְ
גֶעשְׁטָארְבֶּען:
5 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
וָואס הָאט אִיהְם דָאס דֶערְצֵיילְט, וְויא
אַזוֹי ווייסְט דוּא אַז שָׁאוּל אוּנְד זַיין
זוּהְן יְהוֹנָתָן זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען?
6 אַזוֹי הָאט דֶער יוּנְג וָואס הָאט
אִיהְם דָאס דֶערְצֵיילְט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין
צוּפֶעלִיגֶער ווייזֶע גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם
בַּארְג גִלְבֹּעַ, אוּנְד זֶעה, שָׁאוּל הָאט
זִיךְ אָנְגֶעלֶעהְנְט אוֹיף זַיין שְׁפִּיז, אוּנְד
זֶעה, דִיא רֵייטְוֶועגֶען אוּנְד דִיא רֵייטֶער
הָאבֶּען זִיךְ אַן אִיהְם בֶּעהֶעפְט:
7 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט הִנְטֶער זִיךְ
גֶעקוּקְט אַזוֹי הָאט עֶר מִיךְ גֶעזֶעהֶען,
אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶערוּפֶען, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ גֶעזָאגְט, הִיעֶר בִּין אִיךְ:
8 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
וֶוער בִּיזְט דוּא? אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין אַיין עֲמָלֵקִי:
9 אַזוֹי הָאט עֶר צוּ מִיר גֶעזָאגְט, אִיךְ
בֶּעט דִיךְ, שְׁטֵייא אוֹיף מִיר אוּנְד טֵייט
מִיךְ, וָוארִין אַ צִיטֶערְנִיס הָאט מִיךְ
אָנְגֶעכַאפְּט, אוּנְד מֵיין גַאנְץ לֶעבֶּען
אִיז נָאךְ אִין מִיר:
10 אַזוֹי בִּין אִיךְ אוֹיף אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד הָאבּ אִיהְם גֶעטֵייטֶעט, וָוארִין
אִיךְ הָאבּ גֶעווּאוּסְט אַז עֶר וֶועט נִיט
קֶענֶען לֶעבֶּען נָאכְדֶעם אַז עֶר אִיז
גֶעפַאלֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אַרוּפְּגֶענוּמֶען
דִיא קְרוֹין וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף זַיין
קָאפּ, אוּנְד דָאס אָרֶעם־בַּאנְד וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען אוֹיף זַיין אָרֶעם אוּנְד אִיךְ
הָאבּ זַייא דָא אַהֶער גֶעבְּרֶענְגְט צוּ
מֵיין הַאר:
11 אַזוֹי הָאט דָוִד אָנְגֶענוּמֶען זַיינֶע
קְלֵיידֶער אוּנְד עֶר הָאט זַייא צוּרִיסֶען,
אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעטְהוּן אַלֶע
מֶענֶער וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען:
12 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעקְלָאגְט, אוּנְד
גֶעווֵיינְט, אוּנְד גֶעפַאסְט בִּיז אָבֶענְד
וֶועגֶען שָׁאוּל, אוּנְד וֶועגֶען יְהוֹנָתָן זַיין

זוּהְן, אוּנְד װֶעגֶען דָאס פָאלְק פוּן יְהֹוָה,
אוּנְד װֶעגֶען דֶעם הױז יִשְׂרָאֵל, װָארִין
זֵייא זֶענֶען גֶעפַאלֶען דוּרְךְ דֶעם
שְׁװֶערְט:
13 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
יוּנְג װָאס הָאט עֶס אִיהְם דֶערְצֵיילְט,
פוּן װַאנֶען בִּיזְט דוּא? אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט אִיךְ בִּין אַ זוּהְן פוּן אַ גֵר,
אֵיין עֲמָלֵקִי:
14 אוּנְד דָוִד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
װִיא אַזוֹי הָאסְט דוּא נִיט קֵיין מוֹרָא
גֶעהַאט דֵיינֶע הַאנְד אױסְצוּשְׁטְרֶעקֶען
אוּם צוּ פֶערְדַארְבֶּען דֶעם גֶעזַאלְבְּטֶען
פוּן יְהֹוָה?
15 אוּנְד דָוִד הָאט גֶערוּפֶען אֵיינֶעם
פוּן דִיא יוּנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
גֶעגֶעהְן אוּנְד פַאל אַן אִיהְם, אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד גֶעטֵייטֶעט:
16 אוּנְד דָוִד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דֵיין בְּלוּט זָאל זֵיין אִיבֶּער דֵיין (אֵייגֶענֶעם) קָאפּ, װָארִין דֵיין מוֹיל הָאט
קֶעגֶען דִיר עֵדוּת גֶעזָאגְט, צוּ זָאגֶען,
אִיךְ הָאבּ גֶעטֵייטֶעט דֶעם גֶעזַאלְבְּטֶען
פוּן יְהֹוָה:
17 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעקְלָאגְט דִיא
דָאזִיגֶע קְלָאג װֶעגֶען שָׁאוּל אוּנְד װֶעגֶען
זֵיין זוּהְן יְהוֹנָתָן:
18 אוּנְד עֶר הָאט (אוֹיךְ) גֶעזָאגְט אַז
מֶען זָאל דִיא קִינְדֶער יְהוּדָה אױסְלֶערְנֶען
צוּ גֶעבְּרוֹיכֶען דֶעם פֵיילְבּ יֹגֶען, זֶעה,
עֶס אִיז אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם סֵפֶר
הַיָשָׁר:
19 דִיא שֵׁיינְהֵייט אָ יִשְׂרָאֵל! אִיז אוֹיף
דֵיינֶע הוֹיכֶע עֶרְטֶער דֶערשְׁלָאגֶען גֶע־
װָארֶען; אוֹי, װִיא זֶענֶען דֵיינֶע גִבּוֹרִים
אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען!
20 דֶערְצֵיילְט עֶס נִיט אִין גַת, אוּנְד
אִיהְר זָאלְט עֶס נִיט מְבַשֵׂר זֵיין אִין
אַשְׁקְלוֹן, אַז דִיא טֶעכְטֶער פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים זָאלֶען זִיךְ נִיט פְרֵייעֶן, אוּנְד
אַז דִיא טֶעכְטֶער פוּן דִיא עֲרֵלִים זָאלֶען
נִיט פְרֵיילִיךְ זֵיין:
21 אִיהְר בֶּערְג אִין גִלְבּוֹעַ, עֶס זָאל
קֵיין טוֹיא אוּנְד קֵיין רֶעגֶען אוֹיף אֵייךְ
זֵיין; עֶס זָאל אוֹיךְ קֵיין תְּרוּמוֹת זֵיין
פוּן דִיא פֶעלְדֶער, װָארִין דָארְטֶען אִיז
דָאס שִׁילְד פוּן דִיא גִבּוֹרִים פֶערְעֶקֶעלְט
גֶעװָארֶען, דָאס שִׁילְד פוּן שָׁאוּל, װָאס
אִיז נִיט גֶעזַאלְבְּט גֶעװֶעזֶען מִיט אֵייל:
22 פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דִיא דֶערְ־
שְׁלָאגֶענֶע, פוּן דֶעם חֵלֶב פוּן דִיא
גִבּוֹרִים הָאט זִיךְ דֶער בּוֹיגֶען פוּן
יְהוֹנָתָן קֵיינְמָאל נִיט אוּמְגֶעקֶעהְרְט,
אוּנְד דָאס שְׁװֶערְט פוּן שָׁאוּל אִיז אוֹיךְ
קֵיינְמָאל נִיט לֵיידִיג צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט:
23 שָׁאוּל אוּנְד יְהוֹנָתָן, דִיא גֶעלִיבְּטֶע
אוּנְד לִיבְּלִיכֶע אִין זֵייעֶר לֶעבֶּען, אוּנְד
אִין זֵייעֶר טוֹיט זֶענֶען זֵייא אוֹיךְ נִיט
אָפְּגֶעשֵׁייט גֶעװֶעזֶען, זֵייא זֶענֶען גֶעװֶע־
זֶען לֵייכְטֶער װִיא דִיא אָדְלֶערְס, אוּנְד
שְׁטֶערְקֶער װִיא דִיא לֵייבֶּען:
24 אָ אִיהְר טֶעכְטֶער פוּן יִשְׂרָאֵל,
װֵיינְט װֶעגֶען שָׁאוּל! װָאס עֶר פְלֶעגְט
אֵייךְ אָנְקְלֵיידֶען מִיט רוֹיט גֶעפַארְבְּטֶע
קְלֵיידֶער, אוּנְד מִיט קֶעסְטְלִיכְקֵייטֶען,
אוּנְד עֶר פְלֶעגְט אַרױפְבְּרֶענְגֶען צִירוּנְג
פוּן גָאלְד אוֹיף אֵיירֶע קְלֵיידֶער:
25 אוֹי, װִיא זֶענֶען דִיא גִבּוֹרִים גֶע־
פַאלֶען אִין דֶער מִלְחָמָה! אוֹי, יְהוֹנָתָן!
אוֹיף דֵיינֶע הוֹיכֶע עֶרְטֶער בִּיזְט דוּא
דֶערְשְׁלָאגֶען גֶעװָארֶען:
26 עֶס טְהוּט מִיר זֶעהְר לֵייד אִיבֶּער
דִיר, מֵיין בְּרוּדֶער יְהוֹנָתָן! דוּא בִּיזְט
מִיר זֶעהְר לִיבְּלִיךְ גֶעװֶעזֶען, דֵיינֶע

ליבּע צו מיר איז געװעזען װאונדער־
ליך, מעהר װיא דיא ליבּע פון
װײבּער:
27 אוי, װיא זענען דיא גבּורים
געפּאלען, אונד דיא געװעהר פון דער
מלחמה זענען פערלארען געװארען:

קאפּיטעל ב

1 אונד עס איז געװעזען נאכדעם,
אזוי האט דוד אנגעפרעגט בּייא יהוה,
אזוי צו זאגען, זאל איך ארויפגײן אין
איינע פון דיא שטעט פון יהודה?
אונד גאט האט צו איהם געזאגט,
גייא ארויף, אונד דוד האט געזאגט,
אװאו זאל איך ארויפגײן? אונד ער
האט געזאגט, נאך חברון:
2 אזוי איז ער דארטען ארויפגעגאנגען,
אונד אויך זיינע צװייא װייבּער, אחינועם
פון יזרעאל אונד אביגיל דאס װייב פון
נבל אוים כּרמל:
3 אונד דיא מענער װאס זענען מיט
איהם געװעזען האט דוד (אויך) ארויפ־
געבּראכט, איטליכען מיט זיין הויזגע־
זינד, אונד זייא האבּען געװאוינט אין
דיא שטעט פון חברון:
4 אונד דיא מענער פון יהודה זענען
געקומען אונד זייא האבּען דארטען
דוד געזאלבּט אלם קעניג איבּער דעם
הויז יהודה, אונד זייא האבּען צו דוד
געזאגט אז דיא מענער פון יבש גלעד
האבּען דעם שאול בּעגראבּען:
5 אונד דוד האט אהינגעשיקט שלוחים
צו דיא מענער פון יבש גלעד, אונד
ער האט צו זייא געזאגט, געבּענשט
זאלט איהר זיין צו גאט, װייל איהר
האט געטהון דעם דאזיגען חסד מיט
אייער האר, מיט שאול, דאס איהר
האט איהם בּעגראבּען:
6 אונד אצונד זאל גאט אייך אויך
טהון חסד אונד אמת, אונד איך װעל
צו אייך אויך טהון דיא דאזיגע גוטע
זאך, װייל איהר האט דיא דאזיגע
זאך געטהון:
7 אונד אצונד לאזען אײערע הענד גע־
שטארקט זיין, אונד זייט שטארקע חיל'ם
לייט, װארין אייער האר שאול איז
געשטארבּען, אונד דאס הויז יהודה
האט מיך אויך געזאלבּט אלם קעניג
איבּער זייא:
8 אבּער אבנר דער זוהן פון נר,
דער אויבּערשטער פון שאול האט גע־
נומען דעם איש־בּושת, שאול'ם זוהן,
אונד ער האט איהם אריבּערגעפיהרט
נאך מחנים:
9 אונד ער האט איהם געמאכט
רעגירען איבּער גלעד, אונד איבּער
אשורי, אונד יזרעאל, אונד איבּער
אפרים, אונד איבּער גאנץ ישראל:
10 איש־בּושת זוהן פון שאול איז
אלט געװעזען פערציג יאהר, װען ער
איז געװארען קעניג איבּער ישראל,
אונד ער האט רעגירט צװייא יאהר,
אבּער דאס הויז פון יהודה איז דוד
נאכגעגאנגען:
11 אונד דיא צאהל פון דיא טעג
װאס דוד איז געװעזען מלך איבּער
דעם הויז יהודה אין חברון איז גע־
װעזען זיבּען יאהר אונד זעכּם חדשים:
12 אונד אבנר דער זוהן פון נר,
אונד דיא קנעכט פון איש־בּושת, זוהן
פון שאול זענען ארויסגעגאנגען אוים
מחנים נאך גבעון:
13 אונד יואב, זוהן פון צרויה, אונד
דיא קנעכט פון דוד זענען (אויך)
ארויסגעגאנגען, אונד זייא האבּען זיך


בייא

בֵּייא אֵיין אַנְדֶערֶער בֶּעגֶעגֶענְט בֵּייא דִיא
טֵייכֶער פוּן גִבְעוֹן, אוּנְד דִיזֶע הָאבֶּען
זִיךְ גֶעזֶעצְט בֵּייא דֶעם טֵייךְ פוּן דִיזֶער
זֵייט, אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע בֵּייא דֶעם
טֵייךְ פוּן דֶער אַנְדֶער זֵייט:
14 אוּנְד אַבְנֵר הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹאָב,
לָאזֶען דָאךְ דִיא יוּנְגֶען אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד
פַאר אוּנְס שְׁפִּילֶען, אוּנְד יוֹאָב הָאט
גֶעזָאגְט, לָאזֶען זֵייא אוֹיפְשְׁטֵיין:
15 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּנְד אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, אִין דֶער צָאהְל
צְוֶועלְף פוּן בִּנְיָמִן אוּנְד אִישׁ־בּוֹשֶׁת
זוּהְן פוּן שָׁאוּל, אוּנְד צְוֶועלְף פוּן
דָוִד'ס קְנֶעכְט:
16 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיטְלִיכֶער אָנְ־
גֶענָאמֶען אַן דֶעם קָאפּ פוּן זֵיין חַבֵר,
אוּנְד (אַרֵיינְגֶעשְׁטָאכֶען) זֵיין שְׁוֶוערְט
אִין דִיא זֵייט פוּן זֵיין חַבֵר, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶעפַאלֶען, אוּנְד מֶען
הָאט דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען אָרְט גֶערוּפֶען חֶלְקַת
הַצוּרִים וָואס אִיז אִין גִבְעוֹן:
17 אוּנְד דִיא מִלְחָמָה אִיז זֶעהְר
שְׁטַארְק גֶעוֶועזֶען אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג, אוּנְד אַבְנֵר אוּנְד דִיא קְנֶעכְט
פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען
פַאר דִיא קְנֶעכְט פוּן דָוִד:
18 אוּנְד דָארְטֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא
דְרֵייא זִיהְן פוּן צְרוּיָה, יוֹאָב אוּנְד
אֲבִישַׁי, אוּנְד עֲשָׂהאֵל, אוּנְד עֲשָׂהאֵל
אִיז גֶעוֶועזֶען לֵייכְט אוֹיף זֵיינֶע פִּיס,
אַזוֹי וִויא אֵיינֶע פוּן דִיא הֶערְשֶׁען אוֹיף
דֶעם פֶעלְד:
19 אוּנְד עֲשָׂהאֵל הָאט נָאכְגֶעיָאגְט
אַבְנֵר, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ נִיט אָפְּגֶע־
נֵייגְט צוּ זֵיין צוּר רֶעכְטֶען אָדֶער צוּר
לִינְקֶען פוּן הִינְטֶער אַבְנֵר:
20 אוּנְד אַבְנֵר הָאט הִינְטֶער זִיךְ גֶע־
קִיקְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בִּיזְט
דוּא דֶער עֲשָׂהאֵל? אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט אִיךְ בִּין עֶס:
21 אַזוֹי הָאט אַבְנֵר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
נֵייג דִיךְ אָפּ צוּר רֶעכְטֶען אָדֶער צוּר
לִינְקֶען אוּנְד חַאפּ דִיר אֵיינֶעם פוּן
דִיא יוּנְגֶען, אוּנְד נֶעם דִיר זֵיין גֶעוֶועהְר,
אָבֶּער עֲשָׂהאֵל הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט
פוּן הִינְטֶער אִיהְם אָפְּגֵיינֶען:
22 אוּנְד אַבְנֵר הָאט נָאכְאַמָאל גֶעזָאגְט
צוּ עֲשָׂהאֵל, קֶעהְר אָפּ פוּן הִינְטֶער
מִיר, וַוארוּם זָאל אִיךְ דִיךְ צוּ דֶער
עֶרְד שְׁלָאגֶען? אוּנְד וִויא וֶועל אִיךְ
קֶענֶען מֵיין פָּנִים אוֹיפְהֵייבֶּען צוּ יוֹאָב,
דֵיין בְּרוּדֶער?
23 אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט
אָפְּקֶעהְרֶען, אַזוֹי הָאט אִיהְם אַבְנֵר
גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דֶעם הִינְטֶערְן טֵייל
פוּן דֶעם שְׁפִּיז אִין דִיא פִּיפְטֶע רִיפּ,
אוּנְד דֶער שְׁפִּיז אִיז פוּן הִינְטֶער אִיהְם
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר אִיז דָארְט
אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען אוּנְד עֶר אִיז אוֹיף
דֶער שְׁטֶעל גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד עֶס
אִיז גֶעוֶועזֶען אַז אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז
גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם אָרְט וְואוּ עֲשָׂהאֵל
אִיז דָארְט אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען אוּנְד אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען זֶענֶען זֵייא שְׁטֵיין גֶע־
בְּלִיבֶּען:
24 אוּנְד יוֹאָב אוּנְד אֲבִישַׁי הָאבֶּען
נָאכְגֶעיָאגְט נָאךְ אַבְנֵר, אוּנְד וֶוען דִיא
זוּן אִיז אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען אַזוֹי זֶענֶען
זֵייא גֶעקוּמֶען בִּיז נָאךְ גִבְעַת אַמָה,
וָואס אִיז פַאר גִיחַ, אוֹיף דֶעם וֶועג
נָאךְ דֶער מִדְבַּר גִבְעוֹן:
25 אוּנְד דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִן הָאבֶּען
זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט הִינְטֶער אַבְנֵר, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען צוּ אֵיין בּוּנְד,

אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף
אַ שְׁפִּיץ פוּן אַ הִיגֶעל (בַּארְג)׃
26 אוּנְד אַבְנֵר הָאט גֶערוּפֶען צוּ
יוֹאָב, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
זָאל דֶען דָאס שְׁוֶוערְט אוֹיף אֵייבִּיג
פֶערְדַארְבֶּען? ווייסְט דוּא דֶען נִיט אַז
עֶס וֶועט דִיר צוּלֶעצְט בִּיטֶער זַיין?
אוּנְד בִּיז וִויא לַאנְג וֶועסְט דוּא נִיט
זָאגֶען צוּ דֶעם פָאלְק אַז זַייא זָאלֶען
צוּרִיקְגֵיין פוּן הִינְטֶער זַייעֶרֶע בְּרִידֶער?
27 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי וִויא
גָאט לֶעבְּט, וֶוען דוּא וָואלְסְט נִיט
גֶערֶעט אַזוֹי הֶעט שׁוֹין פוּן דֶער פְרִיה
אָן דָאס פָאלְק אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אִיטְ־
לִיכֶער פוּן הִינְטֶער זַיין בְּרוּדֶער׃
28 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעלָאזְט שׁוֹפָר
בְּלָאזֶען, אַזוֹי הָאט זִיךְ דָאס גַאנְצֶע
פָאלְק אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען נִיט מֶעהְר נָאכְגֶעיָאגְט הִינְטֶער
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט מֶעהְר
מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען׃
29 אוּנְד אַבְנֵר אוּנְד זַיינֶע מֶענֶער
זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם פְּלוֹין
דִיזֶעלְבִּיגֶע גַאנְצֶע נַאכְט, אוּנְד זַייא
זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דֶעם יַרְדֵן,
אוּנְד זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען גַאנְץ בִּתְרוֹן,
אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ מַחֲנַיִם׃
30 אוּנְד יוֹאָב הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
פוּן הִינְטֶער אַבְנֵר, אוּנְד עֶר הָאט
אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק,
אוּנְד עֶס הָאט גֶעפֶעהְלְט פוּן דִיא
קְנֶעכְט פוּן דָוִד נַיינְצֶעהְן מֶענֶער, אוּנְד
עֲשָׂהאֵל׃
31 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן דָוִד הָאבֶּען
גֶעשְׁלָאגֶען פוּן בִּנְיָמִן אוּנְד פוּן דִיא
מֶענֶער פוּן אַבְנֵר דְרֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד
זֶעכְצִיג מַאן וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען׃
32 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
דֶעם עֲשָׂהאֵל אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם
בֶּעגְרָאבֶּען אִין דֶעם קֶבֶר פוּן זַיין
פָאטֶער וָואס אִיז אִין בֵּית לֶחֶם; אוּנְד
יוֹאָב אוּנְד זַיינֶע מֶענֶער זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען
דִיא גַאנְצֶע נַאכְט, אוּנְד עֶס אִיז צוּ
זַייא לִיכְטִיג גֶעוָוארֶען אִין חֶבְרוֹן׃

## קאפיטעל ג

1 אוּנְד דִיא מִלְחָמָה הָאט גֶעדוֹיעֶרְט
לַאנְג צְוִוישֶׁען דֶעם הוֹיז פוּן שָׁאוּל,
אוּנְד צְוִוישֶׁען דֶעם הוֹיז פוּן דָוִד; אוּנְד
דָאס הוֹיז פוּן דָוִד אִיז אָנְגֶעגַאנְגֶען
אוּנְד שְׁטַארְק גֶעוָוארֶען אָבֶּער דָאס
הוֹיז פוּן שָׁאוּל אִיז אִימֶער שְׁוַואכֶער
גֶעוָוארֶען׃
2 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען
צוּ דָוִד זִיהְן אִין חֶבְרוֹן, זַיין בְּכוֹר
וַואר אַמְנוֹן פוּן דֶער אֲחִינוֹעַם אוֹיס
יִזְרְעֶאל׃
3 אוּנְד זַיין צְווייטֶער וַואר כִּלְאָב פוּן
אֲבִיגַיִל, דָאס ווייבּ פוּן נָבָל, אוֹיס כַּרְמֶל,
אוּנְד דֶער דְרִיטֶער וַואר אַבְשָׁלוֹם זוּהְן
פוּן מַעֲכָה, דִיא טָאכְטֶער פוּן תַּלְמַי
מֶלֶךְ פוּן גְשׁוּר׃
4 אוּנְד דֶער פִיעֶרְטֶער אֲדוֹנִיָה זוּהְן
פוּן חַגִּית, אוּנְד דֶער פִינְפְטֶער שְׁפַטְיָה
זוּהְן פוּן אֲבִיטַל׃
5 אוּנְד דֶער זֶעכְסְטֶער יִתְרְעָם פוּן
עֶגְלָה דָאס ווייבּ פוּן דָוִד; דִיזֶע זֶענֶען
גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען צוּ דָוִד אִין חֶבְרוֹן׃
6 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז דִיא
מִלְחָמָה הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט צְווִישֶׁען
דֶעם הוֹיז פוּן שָׁאוּל אוּנְד צְווִישֶׁען דֶעם
הוֹיז פוּן דָוִד, אַזוֹי הָאט זִיךְ אַבְנֵר
גֶעשְׁטַארְקְט אִין דֶעם הוֹיז פוּן שָׁאוּל׃
7 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעהַאט אַ קֶעבְּס־
ווייבּ, אוּנְד זִיא הָאט גֶעהֵייסֶען רִצְפָּה,

דִיא טָאכְטֶער פוּן אַיָה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַבְנֵר, פַאר וָואס בִּיזְט דוּא אַרַיינְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם קֶעבְּסווייבּ פוּן מֵיין פָאטֶער ?

8 אַזוֹי הָאט זִיךְ אַבְנֵר זֶעהְר דֶערְצָארְנְט וֶועגֶען דִיא וֶוערְטֶער פוּן אִישׁ־בּשֶׁת, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בִּין אִיךְ דֶען דֶער קָאפּ פוּן אַ הוּנְד וָואס גֶעהֶערְט צוּ יְהוּדָה, אִיךְ טְהוּא הֵיינְט חֶסֶד מִיט דֶעם הױזְגֶעזִינְד פוּן שָׁאוּל דֵיין פָאטֶער, צוּ זֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד צוּ זֵיינֶע פְרֵיינְד, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ נִיט אִיבֶּערְלִיפֶערְט אִין דִיא הַאנְד פוּן דָוִד—אוּנְד דוּא גֶעדֶענְקְסְט אִיבֶּער מִיר הֵיינְט דִיא זִינְד וֶועגֶען דֶעם ווייבּ ?

9 אַזוֹי זָאל גָאט טְהוּן צוּ אַבְנֵר, אוּנְד נָאךְ אַזוֹי פִיעֶל מֶעהְר, דָאס אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעשְׁוָואוֹרֶען צוּ דָוִד אַזוֹי וֶועל אִיךְ עֶס צוּ אִיהְם טְהוּן :

10 אַז דִיא מְלוּכָה פוּן דֶעם הױז פוּן שָׁאוּל וֶועט אַרִיבֶּערְגֵיין, אוּנְד אוֹיפְ־צוּשְׁטֶעלֶען דֶעם טְרָאן־שְׁטוּהְל פוּן דָוִד אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אוּנְד אִיבֶּער יְהוּדָה, פוּן דָן בִּיז נָאךְ בְּאֵר שָׁבַע :

11 אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט דֶעם אַבְנֵר עֶנְטְפֶערְן אַ וָוארְט, ווייל עֶר הָאט פַאר אִיהְם מוֹרָא גֶעהַאט :

12 אַזוֹי הָאט אַבְנֵר גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ דָוִד פוּן זֵיין שְׁטֶעל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, צוּ וֶועמֶען גֶעהֶערְט דָאס לַאנְד ? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט זַייא מִיט מִיר כּוֹרֵת בְּרִית, אוּנְד זֶעה, מֵיינֶע הַאנְד אִיז מִיט דִיר אוּם צוּ דִיר אוּמְצוּקֶעהְרֶען גַאנְץ יִשְׂרָאֵל :

13 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גוּט ! אִיךְ וֶועל מִיט דִיר כּוֹרֵת בְּרִית זֵיין, אָבֶּער נוּר אֵיין זַאךְ בֶּעט אִיךְ פוּן דִיר, אִיךְ זָאג אַז דוּא זָאלְסְט נִיט זֶעהֶען מֵיין פָּנִים, חוּץ דוּא בְּרֶענְגְסְט פְרִיהֶער מִיכַל דִיא טָאכְטֶער פוּן שָׁאוּל, וֶוען דוּא קוּמְסְט צוּ זֶעהֶען מֵיין פָּנִים :

14 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ אִישׁ בּשֶׁת, זוּהְן פוּן שָׁאוּל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גִיבּ מִיר מֵיין ווייבּ מִיכַל, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ גֶעהֵייראַט דוּרְךְ הוּנְדֶערְט עָרְלוֹת פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים :

15 אוּנְד אִישׁ בּשֶׁת הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד עֶר הָאט זִיא אַוֶועקְגֶענוּמֶען פוּן דֶעם מַאן, פוּן פַּלְטִיאֵל, זוּהְן פוּן לָיִשׁ :

16 אוּנְד אִיהְר מַאן אִיז מִיט אִיהְר גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט הִינְטֶער אִיהְר גֶעוויינְט בִּיז נָאךְ בַּחוּרִים, אוּנְד אַבְנֵר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא קֶעהְר צוּרִיק, אַזוֹי הָאט עֶר אוּמְגֶעקֶעהְרְט :

17 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן אַבְנֵר אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט דִיא עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, שׁוֹין פוּן פְרִיהֶער הָאט אִיהְר בֶּעגֶעהְרְט אַז דָוִד זָאל אִיבֶּער אֵייךְ זֵיין מֶלֶךְ :

18 אוּנְד אַצוּנְד טְהוּט עֶס, וָוארִין גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דוּרְךְ מֵיין קְנֶעכְט דָוִד וֶועל אִיךְ הֶעלְפֶען מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן אַלֶע זֵיירֶע פֵיינְד :

19 אוּנְד אַבְנֵר הָאט אוֹיךְ גֶערֶעט אִין דִיא אוֹירֶען פוּן בִּנְיָמִן, אוּנְד אַבְנֵר אִיז אוֹיךְ אַהִינְגֶעגַאנְגֶען צוּ רֶעדֶען אִין דִיא אוֹירֶען פוּן דָוִד אִין חֶבְרוֹן, אַלֶעס וָואס אִיז גוּט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גַאנְצֶען הױז פוּן בִּנְיָמִן :

20 אוּנְד אַבְנֵר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דָוִד נָאךְ חֶבְרוֹן, אוּנְד מִיט אִיהְם צְוַואנְצִיג

מַאן, אַזוי הָאט דָוִד גֶעמַאכְט אַ סְעוּדָה
צוּ אַבְנֵר אוּנְד צוּ דִיא מֶענֶער וָואס
וָוענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען׃
21 אוּנְד אַבְנֵר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד,
אִיךְ וָועל אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד וָועל אַהִינְ־
גֵיין, אוּנְד צוּ מַיין הַאר דֶעם קֶענִיג
פֶערְזַאמְלֶען גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אַז זַייא
זָאלֶען מִיט דִיר כּוֹרֵת בְּרִית זַיין, אוּנְד
אַז דוּא זָאלְסְט רֶעגִירֶען אִיבֶּער אַלֶעס
וָואס דוּא וֶועסְט גְלִיסְטֶען, אַזוי הָאט
דָוִד דֶעם אַבְנֵר אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד
עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען בְּשָׁלוֹם׃
22 אוּנְד זֶעה, דִיא קְנֶעכְט פוּן דָוִד
אוּנְד יוֹאָב זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם
נָאכְיָאגֶען דָאס חַיִל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
מִיט זִיךְ גֶעבְּרַאכְט פִיעֶל זַאקְרוּיב,
אָבֶּער אַבְנֵר אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען מִיט
דָוִד אִין חֶבְרוֹן, וָוארִין עֶר הָאט אִיהְם
אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען
בְּשָׁלוֹם׃
23 אוּנְד וֶוען יוֹאָב אוּנְד דָאס גַאנְצֶע
חַיִל וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען זֶע־
נֶען אָנְגֶעקוּמֶען, אַזוי הָאבֶּען זַייא גֶע־
זָאגְט צוּ יוֹאָב, אַזוי צוּ זָאגֶען, אַבְנֵר
דֶער זוּהְן פוּן נֵר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם
קֶענִיג, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַוֶועקְגֶע־
שִׁיקְט, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען בְּשָׁלוֹם׃
24 אַזוי אִיז יוֹאָב אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ
דֶעם קֶענִיג אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
וָואס הָאסְט דוּא גֶעטְהוּן? זֶעה, אַבְנֵר
אִיז צוּ דִיר גֶעקוּמֶען, פַארְוָואס הָאסְט
דוּא אִיהְם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אַז עֶר אִיז
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען?
25 דוּא קֶענְסְט דָאךְ דֶעם אַבְנֵר זוּהְן
פוּן נֵר, נָאר דִיךְ צוּ אִיבֶּערְרֶעדֶען אִיז
עֶר גֶעקוּמֶען, אוּנְד צוּ ווִיסֶען דֵיין
אַרוֹיסְגֵיין אוּנְד דֵיין אַרַיינְקוּמֶען, אוּנְד
צוּ ווִיסֶען אַלֶעס וָואס דוּא טְהוּסְט׃
26 אוּנְד וֶוען יוֹאָב אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
פוּן דָוִד, אַזוי הָאט עֶר אַהִינְגֶעשִׁיקְט
שְׁלוּחִים נָאךְ אַבְנֵר'ן אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אִיהְם צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶער גְרוּב
סִרָה, אָבֶּער דָוִד הָאט עֶס נִיט
גֶעוְואוּסְט׃
27 אוּנְד וֶוען אַבְנֵר אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען
נָאךְ חֶבְרוֹן, אַזוי הָאט אִיהְם יוֹאָב אַן
דֶער זַייט גֶענוּמֶען אִין דֶעם טְהָאר
אוּם מִיט אִיהְם (גַאנְץ אַלֵיין) צוּ רֶע־
דֶען, אָבֶּער עֶר הָאט אִיהְם דָארְט גֶע־
שְׁלָאגֶען אִין דֶער פִיפְטֶע רִיפּ אוּנְד עֶר
אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,—וֶועגֶען דֶען בְּלוּט פוּן
עֲשָׂהאֵל זַיין בְּרוּדֶער׃
28 אוּנְד וֶוען דָוִד הָאט עֶס דֶערְנָאךְ
גֶעהֶערְט אַזוי הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אִיךְ
בִּין אוּמְשׁוּלְדִיג, אוּנְד אוֹיךְ מַיין
קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט אוֹיף אֵייבִּיג, וֶועגֶען
דֶעם בְּלוּט פוּן אַבְנֵר זוּהְן פוּן נֵר׃
29 עֶס זָאל רוּהֶען אוֹיף דֶעם קָאפּ
פוּן יוֹאָב, אוּנְד אוֹיף דֶעם גַאנְצֶען
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן זַיין פָאטֶער, עֶס זָאל
נִיט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יוֹאָב, אַ זָב, אוּנְד אַ
מְצוֹרָע אוּנְד אֵיינֶער וָואס מוּז זִיךְ אָנְ־
לֶעהְנֶען אוֹיף קְרִיקֶען, אוּנְד דֶער וָואס
וֶועט פַאלֶען דוּרְךְ אַ שְׁוֶוערְד, אוּנְד
וָואס עֶס וֶועט אִיהְם פֶעהְלֶען בְּרוֹיט׃
30 אוּנְד יוֹאָב אוּנְד אֲבִישַׁי זַיין בְּרוּ־
דֶער הָאבֶּען גֶעהַרְגֶ'ט אַבְנֵר, ווייל עֶר
הָאט גֶעהַרְגֶ'ט זַייעֶר בְּרוּדֶער עֲשָׂ־האֵל
אִין גִבְעוֹן אִין דֶער מִלְחָמָה׃
31 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹאָב
אוּנְד צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק וָואס אִיז
מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, צוּרֵייסְט אֵיירֶע
קְלֵיידֶער, אוּנְד גַארְטֶעלְט אָן זֶעק

אונד

אונד קלאגט וועגען אבנר; אונד דער
מלך דוד איז נאכגעגאנגען די מטה:
32 אונד זייא האבען אבנר בעגראבען
אין חברון, אונד דער מלך האט אויפ־
געהויבען זיין קול אונד ער האט גע־
וויינט ביים קבר פון אבנר, אונד
דאס גאנצע פאלק האט געוויינט:
33 אונד דער מלך האט געקלאגט
איבער אבנר, אונד ער האט געזאגט—
זאל אבנר שטערבען וויא א נאר
שטערבט?
34 דיינע הענד זענען ניט געבונדען
געוועזען, אונד דיינע פיס האבען זיך
ניט גענעהנט צו קופערנע קייטען,
אזוי וויא איינער פאלט פאר די
אומגערעכטע קינדער אזוי ביזט דוא
געפאלען!—אונד דאס גאנצע פאלק
האט נאך מעהר איבער איהם געוויינט:
35 אונד ווען דאס גאנצע פאלק איז
געקומען אום דוד ברויט עסען צו
מאכען ווען עס איז נאך געוועזען טאג,
האט דוד געשוואוירען אונד געזאגט,
אזוי זאל מיר גאט טהון אונד נאך
מעהר אויב איך וועל ברויט אדער א
שום זאך פערזוכען איידער די זון
גייט אונטער:
36 אונד דאס גאנצע פאלק האט
דאס דערקענט, אונד עס איז וואוילגע־
פאלען געוועזען אין זייערע אויגען,
אונד אלעס וואס דער מלך האט גע־
טהון איז וואוילגעפאלען געוועזען אין
די אויגען פון דעם גאנצען פאלק:
37 אונד דאס גאנצע פאלק אונד
גאנץ ישראל האט דערקענט אן דעמ־
זעלביגען טאג אז עס איז ניט געוועזען
פון דעם קעניג צו טייטען אבנר זוהן
פון נר:
38 אונד דער מלך האט געזאגט צו
זיינע קנעכט, ווייסט איהר ניט אז א
גרויסער פערשט איז אן דעם דאזיגען
טאג געפאלען אין ישראל?
39 אבער איך בין היינט יונג אונד
בין (ערשט) געזאלבט געווארען אלס
מלך, אונד די דאזיגען מענער, די
זיהן פון צרויה זענען צו הארט פאר
מיר, גאט וועט בעצאלען דעם וואס
טהוט שלעכטעס נאך זיינע שלעכ־
טיגקייט:

## קאפיטעל ד

1 אונד ווען שאול'ס זוהן האט גע־
הערט אז אבנר איז געשטארבען אין
חברון, אזוי זענען זיינע הענד שוואך
געווארען, אונד גאנץ ישראל זענען
דערשראקען געווארען:
2 אונד שאול'ס זוהן האט געהאט
צוויא מענער אלס אויבערשטע איבער
די חילות, איינער האט געהייסען
בענה אונד דער צווייטער האט גע־
הייסען רכב, די זיהן פון רמון אויס
בארות, פון די קינדער בנימן, ווארין
בארות איז אויך צוגערעכענט געוועזען
צו בנימן:
3 אונד די לייט פון בארות זענען
אנטלאפען נאך גתים, אונד זייא זענען
דארטען געוועזען גרים ביז צו דעם
היינטיגען טאג:
4 אונד יהונתן זוהן פון שאול האט
געהאט א זוהן וואס איז געוועזען
לאהם אויף די פיס, ער איז אלט
געוועזען פינף יאהר ווען די בשורה
איז אנגעקומען וועגען שאול אונד
יהונתן אויס יזרעאל, אונד זיינע אממע
האט איהם אויפגעהויבען אונד איז
(מיט איהם) אוועקגעלאפען, אונד עס

אִיז גֶעוֶועזֶען אַז וֶוען זִיא הָאט זִיךְ גֶעאֵיילְט מִיט אִיהְם אַוֶועקְצוּלוֹיפֶען אַזוֹי אִיז עֶר גֶעפַאלֶען, אוּנְד עֶר אִיז לָאהְם גֶעוָוארֶען, אוּנְד זַיין נָאמֶען וַואר מְפִיבֹשֶׁת׃

5 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן רִמּוֹן אוֹיס בְּאֵרוֹת, רֵכָב אוּנְד בַּעֲנָה, זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן אִישׁ בֹּשֶׁת וֶוען דֶער טָאג אִיז הֵייס גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיף אַ בֶּעט אִין מִיטֶען טָאג׃

6 אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶער מִיטֶע פוּן דֶעם הוֹיז, אַלְס דִיא וָואס וָואלְטֶען ווַייץ קוֹיפֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְטֶער דֶער פִיפְטֶע רִיפּ, אוּנְד רֵכָב אוּנְד זַיין בְּרוּדֶער בַּעֲנָה זֶענֶען עֶנְטְרוּנֶען׃

7 וָוארִין וֶוען זַייא זֶענֶען אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז אוּנְד עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען אִין זַיין חֶדֶר אוֹיף זַיין בֶּעט, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד גֶעטֵייטֶעט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אָפְּגֶעטְהוּן זַיין קָאפּ, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען זַיין קָאפּ, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶעם פְּלוֹין דִיא גַאנְצֶע נַאכְט׃

8 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דֶעם קָאפּ פוּן אִישׁ בֹּשֶׁת צוּ דָוִד נָאךְ חֶבְרוֹן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, זֶעה דֶער קָאפּ פוּן אִישׁ בֹּשֶׁת שָׁאוּל'ס זוּהְן דַיין פֵיינְד, וָואס הָאט גֶעזוּכְט דַיין לֶעבֶּען; אוּנְד יְהֹוָה הָאט זִיךְ הֵיינְט פַאר מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג נוֹקֵם גֶעוֶועזֶען אַן שָׁאוּל אוּנְד אַן זַיינֶע קִינְדֶער׃

9 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶעם רֵכָב אוּנְד דֶעם בַּעֲנָה זַיין בְּרוּדֶער, דִיא זִיהְן פוּן רִמּוֹן אוֹיס בְּאֵרוֹת, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אַזוֹי וִויא גָאט לֶעבְּט וָואס הָאט מֵיין לֶעבֶּען אוֹיסְגֶעלֵייזְט פוּן אַלֶע צָרוֹת׃

10 דָאס וֶוען דֶער וָואס הָאט מִיר אָנְגֶעזָאגְט, זֶעה שָׁאוּל אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמֵיינְט אַז עֶר זָאגְט מִיר אַ גוּטֶע בְּשׂוֹרָה, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען אוּנְד גֶעהַרְגֶ'ת אִין צִקְלָג, אַנְשְׁטַאט אִיהְם צוּ גֶעבֶּען בְּשׂוֹרָה גֶעלְד׃

11 מִכָּל שֶׁכֵּן דִיזֶע רְשָׁעִים וָואס הָאבֶּען גֶעהַרְגֶ'ת דֶעם גֶערֶעכְטֶען מַאן אִין זַיין הוֹיז אוֹיף זַיין גֶעלֶעגֶער, אוּנְד אַצוּנְד זָאל אִיךְ נִיט זַיין בְּלוּט פֶערְלַאנְגֶען פוּן אֵייעֶרֶע הֶענְד, אוּנְד אֵייךְ אוֹיסְרוֹימֶען פוּן דֶעם לַאנְד?

12 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעבָּאטֶען זַיינֶע יוּנְגֶען אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא גֶעהַרְגֶ'ת, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען זַיירֶע הֶענְד אוּנְד זַיירֶע פִיס, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען בַּייא דֶעם טֵייךְ אִין חֶבְרוֹן, אָבֶּער דֶעם קָאפּ פוּן אִישׁ בֹּשֶׁת הָאבֶּען זַייא גֶענוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין דֶעם קֶבֶר פוּן אַבְנֵר אִין חֶבְרוֹן׃

## קאפיטעל ה

1 אוּנְד אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דָוִד נָאךְ חֶבְרוֹן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֶעה, מִיר זֶענֶען דַיין בֵּיין אוּנְד דַיין פְלֵייש׃

2 שׁוֹין פוּן פְרִיהֶרֶע צֵייטֶען הֶער וֶוען שָׁאוּל אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען מֶלֶךְ אִיבֶּער אוּנְס בִּיזְט דוּא גֶעוֶועזֶען דֶער אַרוֹיסְגֵייעֶר אוּנְד אַרַיינְבְּרֶענְגֶער פוּן יִשְׂרָאֵל!—אוּנְד גָאט הָאט צוּ דִיר גֶעזָאגְט אַז דוּא

זָאלְסְט זַיין אַ פַּסְטוּךְ צוּ מֵיין פָּאלְק
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַיין אַ פִירְשְׁט
אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל׃
3 אַזוֹי זֶענֶען אַלֶע עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל
אַרַיינְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ נָאךְ חֶבְרוֹן,
אוּנְד דָוִד הַמֶּלֶךְ הָאט מִיט זַייא גֶע־
מַאכְט אַ בְּרִית אִין חֶבְרוֹן פַאר גָאט,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזַאלְבְּט דָוִד אַלְס
מֶלֶךְ אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל׃
4 דָוִד אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען דְרַייסִיג
יָאהְר וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
רֶעגִירֶען, אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעְרְט
פֶערְצִיג יָאהְר׃
5 אִין חֶבְרוֹן הָאט עֶר רֶעגִיעְרְט אִיבֶּער
יְהוּדָה זִיבֶּען יָאהְר אוּנְד זֶעכְּס חֳדָשִׁים,
אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאט עֶר רֶעגִיעְרְט
אִיבֶּער גַאנְץ יִשְׂרָאֵל אוּנְד יְהוּדָה דְרַייא
אוּנְד דְרַייסִיג יָאהְר׃
6 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אוּנְד זַיינֶע מֶענֶער
זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם קֶעגֶען
דֶעם יְבוּסִי וָואס הָאט גֶעווָאוֹינְט אִין
דֶעם לַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דָוִד, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען דוּא וֶועסְט
נִיט אָפְּטְהוּן דִיא בְּלִינְדֶע אוּנְד דִיא
לָאהְמֶע זָאלְסְט דוּא נִיט דָא אַהֶער
קוּמֶען, זַייא הָאבֶּען גֶעמֵיינְט אַז דָוִד
קֶען נִיט דָא אַהֶער קוּמֶען׃
7 אוּנְד דָוִד הָאט אֵיינְגֶענוּמֶען דִיא
פֶעסְטוּנְג פוּן צִיּוֹן, דָאס אִיז דִיא
שְׁטָאט דָוִד׃
8 אוּנְד דָוִד הָאט אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג גֶעזָאגְט, אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט
אָנְרִירֶען דֶעם טְהוּרְם אוּנְד שְׁלָאגֶען
דֶעם יְבוּסִי אוּנְד דִיא לָאהְמֶע אוּנְד
בְּלִינְדֶע וָואס וֶוערֶען גֶעהַאסְט פוּן
דָוִד'ס זֶעעֶלֶע, (וֶועט וֶוערֶען אַ הוֹיפְּט־
מַאן) דַארִיבֶּער וֶועט גֶעזָאגְט אַז אַ
בְּלִינְדֶער אוּנְד אַ לָאהְמֶער זָאל נִיט
אַרַיינְקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז׃
9 אַזוֹי הָאט דָוִד גֶעווָאוֹינְט אִין דֶער
פֶעסְטוּנְג, אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶערוּפֶען,
דִיא שְׁטָאט פוּן דָוִד, אוּנְד דָוִד הָאט
גֶעבּוֹיעֶט רִינְגְס אַרוּם, פוּן מִלּוֹא אָן אוּנְד
אִינֶעווֵיינִיג׃
10 אוּנְד דָוִד אִיז אָנְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד
אִיז גְרוֹיס גֶעוָוארֶען, אוּנְד יְהֹוָה דֶער
גָאט פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען אִיז מִיט
אִיהְם גֶעוֶועזֶען׃
11 אוּנְד חִירָם דֶער מֶלֶךְ פוּן צוֹר
הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ דָוִד, אוּנְד
טֶענֶען בּוֹימֶער, אוּנְד טִישְׁלֶערְס, אוּנְד
שְׁטֵיין מוֹיעֶרְס, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעבּוֹיעֶט פַאר דָוִד אַ הוֹיז׃
12 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעווָאוּסְט אַז גָאט
הָאט אִיהְם אָנְגֶעשְׁטֶעלְט צוּ זַיין אַ
מֶלֶךְ אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דָאס גָאט
הָאט דֶערְהוֹיבֶּען זַיין קֶענִיגְרַייךְ פוּן
וֶועגֶען זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל׃
13 אוּנְד דָוִד הָאט זִיךְ נָאךְ מֶעהְר
קֶעבְּסְווַייבֶּער אוּנְד וַוייבֶּער גֶענוּמֶען
אוֹיס יְרוּשָׁלַיִם, נָאכְדֶעם עֶר אִיז גֶעקוּ־
מֶען פוּן חֶבְרוֹן, אוּנְד עֶס זֶענֶען נָאךְ
צוּ דָוִד גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען זִיהְן אוּנְד
טֶעכְטֶער׃
14 אוּנְד דָאס זֶענֶען דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא
וָואס זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוא־
רֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, שַׁמּוּעַ, אוּנְד שׁוֹבָב,
אוּנְד נָתָן אוּנְד שְׁלוֹמֹה׃
15 אוּנְד יִבְחָר, אוּנְד אֱלִישׁוּעַ אוּנְד
נֶפֶג, אוּנְד יָפִיעַ׃
16 אוּנְד אֱלִישָׁמָע, אוּנְד אֶלְיָדָע, אוּנְד
אֱלִיפָלֶט׃
17 אוּנְד וֶוען דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען
גֶעהֶערְט אַז זַייא הָאבֶּען דָוִד גֶעזַאלְבְּט

אַלְס מֶלֶךְ אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי זֶענֶען אַלֶע פְּלִשְׁתִּים אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דָוִד צוּ זוּכֶען אוּנְד װֶען דָוִד הָאט עֶס גֶעהֶערְט, אַזוֹי אִיז עֶר אַרוֹיפְּגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא פֶעסְטוּנְג :

18 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעבְּרֵייט אִין דֶעם טְהָאל רְפָאִים :

19 אוּנְד דָוִד הָאט אָנְגֶעפְרֶעגְט בֵּייא גָאט, אוּנְד גֶעזָאגְט, זָאל אִיךְ אַרוֹיפְגֵיין קֶעגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים ? װֶעסְט דוּא זֵייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין מֵיינֶע הַאנְד ?— אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, גֵייא אַרוֹיף, וָוארִין אִיךְ װֶעל דִיא פְּלִשְׁתִּים גֶעוִויס אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דֵיינֶע הַאנְד :

20 אוּנְד דָוִד אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ בַּעַל־פְּרָצִים, אוּנְד דָוִד הָאט זֵייא דָארְט גֶעשְׁלָאגֶען; אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גָאט הָאט פַאר מִיר צוּבְּרָאכֶען מֵיינֶע פֵיינְד, אַזוֹי וִויא דֶער בְּרָאךְ פוּן וַואסֶער, דַארוּם הָאט עֶר דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען אָרְט גֶערוּפֶען בַּעַל־פְּרָצִים :

21 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָארְטֶען פֶערְלָאזֶען זֵייעֶרֶע אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד דָוִד אוּנְד זֵיינֶע מֶענֶער הָאבֶּען זֵייא פֶערְבְּרֶענְט :

22 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען נָאכְאַמָאל אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעבְּרֵייט אִין דֶעם טְהָאל רְפָאִים :

23 אוּנְד דָוִד הָאט אָנְגֶעפְרֶעגְט בֵּייא גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט אַרוֹיפְגֵיין, גֵייעֶרְט קֶעהְר דִיךְ הִינְטֶער זֵייא, אַזוֹי װֶעסְט דוּא צוּ זֵייא קוּמֶען קֶעגֶען אִיבֶּער פוּן דִיא בֵּיימֶער :

24 אוּנְד עֶס װֶעט זֵיין אַז װֶען דוּא װֶעסְט הֶערֶען דִיא טְרִיט אַן דֶער שְׁפִּיץ פוּן דִיא בֵּיימֶער דֶענְסְמָאל זָאלְסְט דוּא דִיךְ אֵיילֶען, וָוארִין דֶענְסְמָאל אִיז גָאט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פַאר דִיר צוּ שְׁלָאגֶען אִין דֶער מַחֲנֶה פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים :

25 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא גָאט הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים פוּן גֶבַע אָן בִּיז מֶען קוּמְט נָאךְ גָזֶר :

קאפיטעל ו

1 אוּנְד דָוִד הָאט נָאךְ אַ מָאל אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אַלֶע אוֹיסְדֶערְוֶוילְטֶע אִין יִשְׂרָאֵל, דְרֵייסִיג טוֹיזֶענְד :

2 אוּנְד דָוִד אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען אוֹיס בַּעֲלֵי יְהוּדָה, אוּם פוּן דָארְטֶען אַרוֹיפְצוּבְּרֶענְגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, וָואס מֶען הָאט גֶערוּפֶען־שֵׁם יְהוָֹה צְבָאוֹת,—אוֹיף װֶעלְכֶען דִיא כְּרוּבִים הָאבֶּען גֶערוּהְט :

3 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט גֶעטְהוּן אוֹיף אַ נֵייעֶם וָואגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַװֶעקְגֶעטְרָאגֶען אוֹיס דֶעם הוֹיז פוּן אֲבִינָדָב וָואס אִיז אִין גִבְעָה, אוּנְד עֻזָא אוּנְד אַחְיוֹ דִיא זִיהְן פוּן אֲבִינָדָב הָאבֶּען דֶעם נֵייעֶן וָואגֶען גֶעפִיהְרְט :

4 אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט אַװֶעקְגֶעטְרָאגֶען אוֹיס דֶעם הוֹיז פוּן אֲבִינָדָב וָואס אִיז אִין גִבְעָה, אַזוֹי אִיז אַחְיוֹ גֶעגַאנְגֶען פַאר דֶעם אָרוֹן :

5 אוּנְד דָוִד, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע הוֹיז יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעשְׁפִּילְט פַאר גָאט מִיט אַלֶערְלֵייא (כְּלֵי זֶמֶר וָואס אִיז גֶעמַאכְט) אוֹיס בּוּקְסֶען הָאלְץ, אוּנְד מִיט הַארְפֶען, אוּנְד פִידֶעלְן אוּנְד פוֹיקֶען,

אוּנְד מִיט גְלאָקֶען אוּנְד מִיט שַׁאלֶען׃
6 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז
צוּ דִיא שֵׁייעֶר נָכוֹן אַזוֹי הָאט עֻזָּה
אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיינֶע הַאנְד צוּ דֶעם
אָרוֹן פוּן גָאט, אוּנְד עֶר הָאט אַן אִיהְם
אָנְגֶעהַאלְטֶען, וָוארִין דִיא רִינְדֶער הָאבֶּען
אִיהְם גֶעשָׁאקֶעלְט׃
7 אוּנְד דֶער צָארְן פוּן גָאט הָאט
עֶרגְרִימְט אִיבֶּער עֻזָּה, אוּנְד גָאט הָאט
אִיהְם דָארְט דֶערשְׁלָאגֶען אִיבֶּער דֶעם
שׁוֹגֵג, אוּנְד עֶר אִיז דָארְט גֶעשְׁטָארְבֶּען
בַּייא דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט׃
8 אוּנְד עֶס הָאט דָוִד לֵייד גֶעטְהוּן
וַוייל גָאט הָאט גֶעבְּרָאכֶען אַ בְּרָאךְ אַן
עֻזָּה, אוּנְד עֶר הָאט דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען אָרְט
גֶערוּפֶען פֶּרֶץ עֻזָּה בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְ־
טִיגֶען טָאג׃
9 אוּנְד דָוִד הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר
גָאט אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, וויא זָאל דֶער אָרוֹן פוּן
גָאט צוּ מִיר קוּמֶען?
10 אוּנְד דָוִד הָאט נִיט גֶעוָואלְט אַז
דֶער אָרוֹן פוּן גָאט זָאל צוּ אִיהְם אָפְּ־
קֶעהְרֶען צוּ דֶער שְׁטָאט דָוִד, אוּנְד דָוִד
הָאט אִיהְם אָפְּגֶענֵייגְט צוּ דֶעם הוֹיז
פוּן עוֹבֵד אֱדוֹם הַגִּתִּי׃
11 אוּנְד דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אִיז גֶע־
בְּלִיבֶּען אִין דֶעם הוֹיז פוּן עוֹבֵד אֱדוֹם
הַגִּתִּי דְרֵייא חֳדָשִׁים, אוּנְד גָאט הָאט
גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם עוֹבֵד אֱדוֹם, אוּנְד זֵיין
גַאנְצֶעס הוֹיזְגֶעזִינְד׃
12 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען
צוּ דָוִד הַמֶּלֶךְ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גָאט
הָאט גֶעבֶּענְשְׁט דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
עוֹבֵד אֱדוֹם אוּנְד אַלֶעס וָואס גֶעהֶערְט
צוּ אִיהְם, פוּן וֶועגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן
גָאט, אַזוֹי אִיז דָוִד אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד
הָאט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דֶעם אָרוֹן פוּן
גָאט אוֹיס דֶעם הוֹיז פוּן עוֹבֵד אֱדוֹם,
נָאךְ דֶער שְׁטָאט דָוִד מִיט פְרֵייד׃
13 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז דִיא
טְרֶעגֶער פוּן דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט הָאבּ־
בֶּען גֶעטְרֶעטֶען זֶעקְס טְרִיט, אַזוֹי הָאט
עֶר מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען אַן אָקְס אוּנְד אַ
פֶעט קַאלְבּ׃
14 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעטַאנְצְט מִיט זֵיין
גַאנְצֶען כֹּחַ פַאר יְהוָֹה, אוּנְד דָוִד אִיז
גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעגַארְטֶעלְט מִיט אֵיין לֵיי־
נֶענֶען אֵפוֹד׃
15 אוּנְד דָוִד אוּנְד דָאס גַאנְצֶע הוֹיז
יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דֶעם
אָרוֹן פוּן גָאט מִיט שַׁאלְלֶען אוּנְד מִיט
דֶעם קוֹל פוּן שׁוֹפָר׃
16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דֶער אָרוֹן
פוּן גָאט אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אִין דֶער שְׁטָאט,
אַזוֹי הָאט מִיכַל דִיא טָאכְטֶער פוּן
שָׁאוּל אַרוֹיסְגֶעקוּקְט דוּרְךְ דָאס פֶענְסְ־
טֶער, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם
מֶלֶךְ דָוִד שְׁפְּרִינְגֶען אוּנְד טַאנְצֶען פַאר
גָאט, אַזוֹי הָאט זִיא אִיהְם מְבַזֶּה גֶע־
וֶועזֶען אִין אִיהְר הַארְץ׃
17 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט
דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף זֵיין אָרְט, אִין
דֶער מִיטֶע פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט וָואס דָוִד
הָאט פַאר אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט, אוּנְד
דָוִד הָאט אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט קָרְבַּן עוֹלוֹת
אוּנְד שְׁלָמִים פַאר גָאט׃
18 אוּנְד וֶוען דָוִד הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט
אוֹיפְצוּבְּרֶענְגֶען דִיא קָרְבָּן עוֹלוֹת אוּנְד
שְׁלָמִים, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעבֶּענְשְׁט דָאס
פָאלְק אִין דֶעם נָאמֶען פוּן יְהוָֹה
צְבָאוֹת׃
19 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְטֵיילְט צוּ דֶעם

גַאנְצֶען פָאלְק אוּנְד צוּ דֶער גַאנְצֶען
מֶענְגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּן מַאן בִּיז וַוייבּ, צוּ
אִיטְלִיכֶען אַ חַלָּה בְּרוֹיט, אוּנְד אַ
שְׁטִיק רִינְדְפְלֵייש, אוּנְד אֵיין מָאס וויין,
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז אַוֶועקְגֶע־
גַאנְגֶען אִיטְלִיכֶער צוּ זַיין הויז׃
20 אוּנְד דָוִד הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
צוּ בֶּענְשֶׁען זַיין הויזְגֶעזִינְד—אוּנְד מִיכַל
דִיא טָאכְטֶער פוּן שָׁאוּל אִיז אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען צוּ דָוִד אֶנְטְקֶעגֶען, אוּנְד זִיא
הָאט גֶעזָאגְט, וַויא הָאט זִיךְ דֶער מֶלֶךְ
פוּן יִשְׂרָאֵל הֵיינְט פֶערְהֶערְלִיכְט, וָואס
הָאט זִיךְ הֵיינְט אֶנְטְפְּלֶעקְט פַאר דִיא
אוֹיגֶען פוּן זַיינֶע דִינְסְט מֵיידֶען, אַזוֹי
וַויא אַ לֵיידִיגֶער מְהוּט זִיךְ אֶנְטְפְּלֶעקֶען׃
21 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ מִיכַל
(עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען) פַאר גָאט, וָואס
הָאט מִיךְ אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְט פַאר דֵיין
פָאטֶער, אוּנְד פַאר זַיין גַאנְץ הויזְגֶע־
זִינְד, מִיךְ צוּ בֶּעפֶעהְלֶען אַלְס אַ
פֶערְשְׁט אִיבֶּער דֶעם פָאלְק פוּן גָאט,
אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל—דָאס אִיךְ הָאבּ גֶע־
שְׁפִּילְט פַאר גָאט׃
22 אוּנְד אִיךְ וֶועל נָאךְ גְרִינְגֶער וֶוע־
רֶען וַויא דָאס דָאזִיגֶע, אוּנְד אִיךְ וֶועל
זַיין גְרִינְג אִין מֵיינֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער
בֵּייא דִיא דִינְסְטמֵיידֶען פוּן וֶועלְכֶע דוּא
הָאסְט גֶעזָאגְט—בֵּייא זֵייא וֶועל אִיךְ
בְּכָבוֹד גֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען׃
23 אוּנְד צוּ מִיכַל דִיא טָאכְטֶער פוּן
שָׁאוּל אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין קִינְד בִּיז
צוּ דֶעם טָאג פוּן אִיהְר טוֹיט׃

קאפִּיטעל ז

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דֶער
קֶענִיג הָאט גֶעוואוֹינְט אִין זַיין הויז,
אוּנְד גָאט הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען רוּה
אַרִינְגְס אַרוּם פוּן אַלֶע זַיינֶע פֵיינְד׃
2 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעזָאגְט צוּ
נָתָן הַנָּבִיא, זֶעה אִיךְ וואוֹין אִין אַ הויז
פוּן טַאנֶענְבֵּיימֶער, אוּנְד דֶער אָרוֹן פוּן
גָאט בְּלֵייבְּט נוּר אוּנְטֶער אַ פָארְהַאנְג׃
3 אוּנְד נָתָן הַנָּבִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דֶעם קֶענִיג, אַלֶעס וָואס אִיז אִין דֵיין
הַארְץ טְהוּא, וָוארִין גָאט אִיז מִיט דִיר׃
4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיזֶעלְבֶּע
נַאכְט—אַזוֹי אִיז דָאס וָוארְט פוּן גָאט
גֶעוֶועזֶען צוּ נָתָן, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
5 גֵייא, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ
מֵיין קְנֶעכְט, צוּ דָוִד, אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה,
ווילְסְט דוּא צוּ מִיר בּוֹיעֶן אַ הויז פַאר
מֵיינֶע וואוֹינוּנְג?
6 וָוארִין אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוואוֹינְט אִין
אַ הויז זֵייט דֶעם טָאג וָואס אִיךְ הָאבּ
אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן
מִצְרַיִם, אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען
טָאג, גֵייעֶרְט אִיךְ בִּין אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען
אִין אַ גֶעצֶעלְט אוּנְד אַ מִשְׁכָּן׃
7 אַלֶערְטְוֶועגֶען אַוְואוּ אִיךְ בִּין אַרוּמְ־
גֶעגַאנְגֶען מִיט אַלֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
הָאבּ אִיךְ אַ מָאל אַ וָוארְט גֶערֶעט צוּ
דֶעם אֵיינֶעם פוּן דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל,
וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעבָּאטֶען צוּ
פֶערְזָארְגֶען מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, וַוארוּם הָאט אִיהְר מִיר נִיט גֶע־
בּוֹיעֶט אַ הויז פוּן טַאנֶען הָאלְץ?
8 אוּנְד אַצוּנְד, זָאלְסְט דוּא אַזוֹי זָאגֶען
צוּ מֵיין קְנֶעכְט, צוּ דָוִד, אַזוֹי זָאגְט
יְהֹוָה צְבָאוֹת, אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶענוּמֶען
פוּן דֶעם שְׁטַאל פוּן הִינְטֶער דִיא שָׁאף,
אַז דוּא זָאלְסְט זַיין אַ פֶערְשְׁט אִיבֶּער
מֵיין פָאלְק, אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל׃
9 אוּנְד אִיךְ בִּין מִיט דִיר גֶעוֶועזֶען
אַלֶערְטְוֶועגֶען וְואוּ דוּא בִּיזְט אַהִינְגֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ פֶערְטִילְגְט
אלע

אַלֶע דֵיינֶע פֵיינְד פַאר דִיר, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ דִיר גֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶען נָאמֶען, אַזוֹי
וִויא דֶער נָאמֶען פוּן דִיא גְרוֹיסֶע לֵייט
וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד:
10 אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעשְׁטִמֶען אַיין
אָרְט פַאר מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
אִיךְ וֶועל זֵייא פְּלַאנְצֶען אוּנְד וֶועל זֵייא
וְואוֹינֶען לָאזֶען אוֹיף זֵייעֶר אֵייגֶען אָרְט,
אוּנְד זֵייא זָאלֶען נִיט מֶעהְר פֶּערְוָואגֶעלְט
וֶוערֶען, אוּנְד דִיא שְׁלֶעכְטֶע קִינְדֶער
וֶועלֶען זֵייא נִיט מֶעהְר קֶענֶען פֵּיינִיגֶען
וִויא פְרִיעֶר:
11 אוּנְד אַזוֹי וִויא פוּן דֶעם טָאג אָן
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבָּאטֶען שׁוֹפְטִים אִיבֶּער
מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל; אוּנְד אִיךְ הָאבּ
דִיר גֶעגֶעבֶּען רוּהֶ פוּן אַלֶע דֵיינֶע
פֵיינְד, אוּנְד גָאט הָאט דִיר גֶעלָאזְט
אָנְזָאגֶען, אַז יְהוָֹה וֶועט דִיר מַאכֶען
אַ הוֹיז:
12 וֶוען דֵיינֶע טֶעג וֶועלֶען דֶערְפִילְט
וֶוערֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט לִיגֶען מִיט
דֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אוֹיפְ־
שְׁטֶעלֶען דֵיין זָאמֶען נָאךְ דִיר, דֶער
וָואס וֶועט אַרוֹיסְקוּמֶען פוּן דֵיינֶע גֶע־
דֶערֶם, אוּנְד אִיךְ וֶועל אָנְבְּרֵייטֶען זֵיינֶע
מְלוּכָה:
13 עֶר וֶועט אוֹיפְבּוֹיעֶן אַ הוֹיז צוּ
מֵיין נָאמֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אָנְבְּרֵייטֶען
דֶעם שְׁטוּהְל פוּן זֵיינֶע מְלוּכָה בִּיז
אוֹיף אֵייבִּיג:
14 אִיךְ וֶועל צוּ אִיהְם זֵיין אַלְס אַ
פָאטֶער אוּנְד עֶר וֶועט זֵיין צוּ מִיר אַלְס
אַ זוּהְן, אָבֶּער וֶוען עֶר וֶועט אוּנְגֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט טְהוּן אַזוֹי וֶועל אִיךְ אִיהְם
בֶּעשְׁטְרָאפֶען מִיט דִיא רוּט פוּן מֶענְשֶׁען,
אוּנְד מִיט דִיא פְּלָאג פוּן מֶענְשֶׁען:
15 אָבֶּער מֵיין חֶסֶד זָאל נִיט פוּן אִיהְם
אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ עֶס
אָפְּגֶעטְהוּן פוּן שָׁאוּל, וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ
אִים גַאנְצֶען אָפְּגֶעטְהוּן פוּן פַאר דִיר:
16 אוּנְד דֵיין הוֹיז אוּנְד דֵיין קֶענִיגְ־
רֵייךְ וֶועט אַ קִיוּם הָאבֶּען פַאר דִיר
אוֹיף אֵייבִּיג, דֵיין (קֶענִיגְלִיכֶער) שְׁטוּהְל
וֶועט זֵיין אָנְגֶעבְּרֵייט בִּיז אוֹיף
אֵייבִּיג:
17 נָאךְ אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער,
אוּנְד נָאךְ דֶער דָאזִיגֶער גַאנְצֶער נְבוּאָה
הָאט נָתָן גֶערֶעט צוּ דָוִד:
18 אוּנְד דָוִד הַמֶּלֶךְ אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט פַאר
גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער בִּין
אִיךְ, אָ הַאר גָאט? אוּנְד וָואס אִיז מֵיין
הוֹיז דָאס דוּא הָאסְט מִיךְ בִּיז דָא אַהֶער
גֶעבְּרַאכְט?
19 אוּנְד דָאס אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען אַ
קְלֵיינֶעס אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, אָ הַאר
גָאט! אוּנְד דוּא הָאסְט נָאךְ גֶערֶעט
וֶועגֶען דֶעם הוֹיז פוּן דֵיין קְנֶעכְט פוּן
ווַייטֶען; אִיז דָאס נָאךְ דֶער אַרְט הַיי
אַ מֶענְשׁ, אָ הַאר גָאט?
20 אוּנְד וָואס זָאל דָוִד נָאךְ מֶעהְר
צוּ דִיר רֶעדֶען? אָבֶּער דוּא קֶענְסְט
דֵיין קְנֶעכְט, אָ הַאר גָאט!
21 פוּן וֶועגֶען דֵיין וָוארְט, אוּנְד אַזוֹי
וִויא עֶס אִיז אִין דֵיין הַארְץ, הָאסְט דוּא
גֶעטְהוּן דִיא דָאזִיגֶע גְדוּלָה, אַז דוּא
זָאלְסְט עֶס וִויסֶען טְהוּן צוּ דֵיין
קְנֶעכְט:
22 דַארִיבֶּער בִּיזְט דוּא אַזוֹי גְרוֹיס, אָ
הַאר גָאט! וָוארִין עֶס אִיז קֵיינֶער אַזוֹי
וִויא דוּא, אוּנְד עֶס אִיז קֵיין גָאט נִיט
דָא חוּץ דִיר, נָאךְ אַלֶעם וָואס מִיר
הָאבֶּען גֶעהֶערְט מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹיעֶרֶען:
23 אוּנְד וֶוער אִיז אַזוֹי וִויא דֵיין פָאלְק,

וויא יִשְׂרָאֵל אֵיין אֵיינְצִיגֶעס פָאלְק אויף
דֶער עֶרְד, וָואס גָאט אִיז אַהִינְגֶעגַאנְ־
גֶען צוּ דֶערְלֵייזֶען צוּ זִיךְ אַלְס אַ
פָאלְק, אוּנְד זִיךְ צוּ מַאכֶען אַ שֵׁם,–
אוּנְד צוּ אֵייךְ צוּ טְהוּן גְרוֹיסֶע אוּנְד
פִירְכְטִיגֶע זַאכֶען–צוּ דֵיין לַאנְד, פוּן
וֶועגֶען דֵיין פָאלְק וָואס דוּא הָאסְט דִיר
אויסְדֶערְלֵייזְט אויס מִצְרַיִם–פוּן פֶעלְ־
קֶער אוּנְד זֵייעֶרֶע גֶעטֶער:
24 אוּנְד דוּא הָאסְט צוּ דִיר אָנְגֶעבְּרֵייט
דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אַז עֶס זָאל זֵיין
צוּ דִיר אַ פָאלְק אויף אֵייבִּיג, אוּנְד
דוּא, אָ יְהוָֹה בִּיזְט גֶעוָוארֶען צוּ זֵייא
צוּ אַ גָאט:
25 אוּנְד אַצוּנְד, אָ יְהוָֹה גָאט! דָאס
וָוארְט וָואס דוּא הָאסְט גֶערֶעט וֶועגֶען
דֵיין קְנֶעכְט, אוּנְד וֶועגֶען זֵיין הויז, זֵייא
עֶס מְקַיֵים בִּיז אויף אֵייבִּיג, אוּנְד טְהוּא
עֶס אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט גֶערֶעט:
26 אוּנְד לָאז דֵיין נָאמֶען גְרוֹיס וֶוער־
רֶען אויף אֵייבִּיג, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, יְהוָֹה
צְבָאוֹת, אִיז דֶער גָאט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל.
אוּנְד אַזוֹי וֶועט דָאס הויז פוּן דֵיין
קְנֶעכְט דָוִד זֵיין אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר דִיר:
27 וָוארִין דוּא יְהוָֹה צְבָאוֹת בִּיזְט דֶער
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, דוּא הָאסְט עֶס עֶנְטְ־
פְּלֶעקְט צוּ דֶעם אויעֶר פוּן דֵיין קְנֶעכְט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דִיר וִויל אִיךְ אֵיין הויז,
(אָדֶער מַלְכוּת) אויפְבּויעֶן, דַארוּם הָאט
דֵיין קְנֶעכְט גֶעפִינֶען אִין זֵיין הַארְץ צוּ
בֶּעטֶען דִיא דָאזִיגֶע תְּפִלָה:
28 אוּנְד אַצוּנְד, אָ הַאר גָאט! דוּא
בִּיזְט דֶער גָאט, אוּנְד דֵיינֶע וֶוערְטֶער
זֶענֶען אֶמֶת אוּנְד דוּא הָאסְט גֶערֶעט
וֶועגֶען דֵיין קְנֶעכְט דָאס דָאזִיגֶע גוּטֶעס:
29 אוּנְד אַצוּנְד לָאז עֶס דִיר וָואוילְגֶע־
פַאלֶען, אוּנְד בֶּענְשׁ דָאס הויז פוּן דֵיין
קְנֶעכְט, עֶס זָאל פַאר דִיר זֵיין אויף
אֵייבִּיג, וָוארִין דוּא אָ הַאר גָאט!
הָאסְט עֶס גֶערֶעט, אוּנְד פוּן דֵיינֶע
בְּרָכָה זָאל גֶעבֶּענְשְׁט וֶוערֶען דָאס הויז
פוּן דֵיין קְנֶעכְט אויף אֵייבִּיג:

קאפיטעל ח

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאכְדֶעם, אַזוֹי
הָאט דָוִד גֶעשְׁלָאגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים אוּנְד
עֶר הָאט זֵייא אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט,
אוּנְד דָוִד הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען מֶתֶג
אַמָה (דָאס אִיז גַת) אויס דֶער הַאנְד
פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים:
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען מוֹאָב,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעמָאסְטֶען מִיט אַ
שְׁנוּר, עֶר הָאט זֵייא אַרוּם גֶעלֵייגְט
אויף דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
גֶעמָאסְטֶען מִיט צְוֵייא שְׁנִירֶען אוּם
זֵייא צוּ טֵייטֶען, אוּנְד אַ פוּלֶע שְׁנוּר
לֶעבֶּען צוּ לָאזֶען, אוּנְד אַזוֹי אִיז מוֹאָב
גֶעוֶועזֶען צוּ דָוִד אַלְס אַ קְנֶעכְט, זֵייא
הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען מַתָּנוֹת:
3 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם
הַדַדְעֶזֶר זוּהְן פוּן רְחוֹב קֶענִיג פוּן צוֹבָה,
וֶוען עֶר אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אוּם צוּרִיק־
צוּקֶעהְרֶען זֵיינֶע גְרֶענֶעץ בֵּייא דֶעם
טֵייךְ פְּרָת:
4 אוּנְד דָוִד הָאט פוּן אִיהְם אֵיינְגֶע־
נוּמֶען אַ טויזֶענְד אוּנְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט
רֵייטֶער, אוּנְד צְוַאנְצִיג טויזֶענְד מַאן
פוּסְגֵייעֶרְס, אוּנְד דָוִד הָאט פֶערְטִילְגְט
אַלֶע רֵייטְוֶועגֶען (פֶערְד), אוּנְד עֶר הָאט
נָאר פוּן זֵייא אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען הוּנְ־
דֶערְט רֵייט־וֶועגֶען:
5 אוּנְד וֶוען אֲרַם דַמֶשֶׂק אִיז גֶעקוּמֶען
צוּ הֶעלְפֶען דֶעם הַדַדְעֶזֶר מֶלֶךְ פוּן
צוֹבָה, אַזוֹי הָאט דָוִד גֶעשְׁלָאגֶען אִין
אֲרַם צְוֵייא אוּנְד צְוַאנְצִיג טויזֶענְד מַאן:

6 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעמַאכְט אָנְגֶע־
שְׁטֶעלְטֶע אִין אֲרַם דַמֶּשֶׂק, אוּנְד אַזוֹי
אִיז אֲרַם גֶעוָוארֶען צוּ דָוִד אַלְס קְנֶעכְט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט מַתָּנוֹת,
אוּנְד גָאט הָאט גֶעהָאלְפֶען דָוִד אַלֶערְטְ־
וָועגֶען אַווְאוּ עֶר אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען׃
7 אוּנְד דָוִד הָאט גֶענוּמֶען דִיא גָאלְ־
דֶענֶע שִׁילְדֶען וָואס הָאבֶּען גֶעהֶערְט צוּ
דִיא קְנֶעכְט פוּן הֲדַדְעֶזֶר, אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא גֶעבְּרַאכְט נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם׃
8 אוּנְד פוּן בֶּטַח, אוּנְד פוּן בֵּרוֹתַי,
דִיא שְׁטֶעט פוּן הֲדַדְעֶזֶר, הָאט דָוִד
הַמֶּלֶךְ אַוֶועקְגֶענוּמֶען זֶעהְר פִיל קוּפֶּער׃
9 אוּנְד וָוען תֹּעִי מֶלֶךְ פוּן חֲמָת הָאט
גֶעהֶערְט אַז דָוִד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דָאס
חַיִל פוּן הֲדַדְעֶזֶר׃
10 אַזוֹי הָאט תֹּעִי אַהִינְגֶעשִׁיקְט זֵיין
זוּהְן יוֹרָם צוּ דָוִד הַמֶּלֶךְ, אִיהְם צוּ בֶּעטְ־
טֶען אוּם שָׁלוֹם, אוּנְד עֶר זָאל אִיהְם
בֶּענְשְׁען, ווייל עֶר הָאט מִלְחָמָה גֶע־
הַאלְטֶען מִיט הֲדַדְעֶזֶר, אוּנְד עֶר הָאט
אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, וָוארִין תֹּעִי הָאט
אִימֶער מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט הֲדַדְעֶזֶר,
אוּנְד עֶר (יוֹרָם) הָאט גֶעהַאט אִין זֵיינֶע
הַאנְד זִילְבֶּערְנֶע כֵּלִים, אוּנְד גָאלְדֶענֶע
כֵּלִים, אוּנְד קוּפֶּערְנֶע כֵּלִים׃
11 אוֹיךְ זֵייא הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעהֵיי־
לִיגְט צוּ גָאט, מִיט דֶעם זִילְבֶּער אוּנְד
גָאלְד וָואס עֶר הָאט גֶעהֵיילִיגְט פוּן
אַלֶע פֶעלְקֶער וָואס עֶר הָאט אֵיינְגֶע־
נוּמֶען׃
12 פוּן אֲרָם, אוּנְד פוּן מוֹאָב, אוּנְד
פוּן דִיא בְּנֵי־עַמּוֹן, אוּנְד פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד פוּן עֲמָלֵק, אוּנְד פוּן
דֶעם זַאקְרוֹיבּ פוּן הֲדַדְעֶזֶר זוּהְן פוּן
רְחוֹב מֶלֶךְ פוּן צוֹבָה׃
13 אוּנְד דָוִד הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַ
(גוּטֶען) שֵׁם וָוען עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען
פוּן זֵיין שְׁלָאגֶען דֶעם אֲרָם אִין גֵיא
מֶלַח, אַכְטְצֶעהְן טוֹיזֶענְד מַאן׃
14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אָנְגֶע־
שְׁטֶעלְטֶע אִין אֱדוֹם; אִין גַאנְץ אֱדוֹם
הָאט עֶר גֶעמַאכְט אָנְגֶעשְׁטֶעלְטֶע אוּנְד
גַאנְץ אֱדוֹם זֶענֶען גֶעוָוארֶען קְנֶעכְט צוּ
דָוִד. אוּנְד גָאט הָאט דָוִד גֶעהָאלְפֶען
אַלֶערְטְוֶועגֶען אַווְאוּ עֶר אִיז אַהִינְ־
גֶעגַאנְגֶען׃
15 אוּנְד דָוִד הָאט רֶעגִירְט אִיבֶּער
גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דָוִד הָאט גֶעטְהוּן
רֶעכְט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ זֵיין
גַאנְצֶען פָאלְק׃
16 אוּנְד יוֹאָב זוּהְן פוּן צְרוּיָה אִיז
גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דֶעם חַיִל, אוּנְד יְהוֹשָׁפָט
זוּהְן פוּן אֲחִילוּד אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער
דֶערְמָאנֶער׃
17 אוּנְד צָדוֹק זוּהְן פוּן אֲחִיטוּב,
אוּנְד אֲחִימֶלֶךְ זוּהְן פוּן אֶבְיָתָר זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען כֹּהֲנִים, אוּנְד שְׂרָיָה דֶער סוֹפֵר׃
18 אוּנְד בְּנָיָהוּ זוּהְן פוּן יְהוֹיָדָע, (אִיז
גֶעוֶועזֶען) אִיבֶּער דִיא כְּרֵתִי אוּנְד דִיא
פְּלֵתִי; אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן דָוִד זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען כֹּהֲנִים׃

## קאפיטעל ט

1 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט, אִיז נָאךְ
אִימֶעצֶער דָא וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען
פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן שָׁאוּל, אַז אִיךְ
זָאל אַן אִיהְם טְהוּן חֶסֶד וָועגֶען יְהוֹנָתָן?
2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן שָׁאוּל אַ קְנֶעכְט, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען צִיבָא, אוּנְד מֶען
הָאט אִיהְם פָארְגֶערוּפֶען צוּ דָוִד. אוּנְד
דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט. בִּיזְט
דוּא צִיבָא? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
(אִיךְ בִּין) דֵיין קְנֶעכְט׃

3 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט, אִיז דֶען נִיט נָאךְ דָא אַ מַאן פוּן דֶעם הויזְגֶעזִינְד פוּן שָׁאוּל, אַז אִיךְ זָאל מִיט אִיהְם טְהוּן אֵיין חֶסֶד פוּן גָאט? אוּנְד צִיבָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, עֶס אִיז נָאךְ דָא אַ זוּהְן פוּן יְהוֹנָתָן, וָואס הָאט לָאהְמֶע פִים:

4 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַוְואוּ אִיז עֶר? אוּנְד צִיבָא הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, זֶעה, עֶר אִיז אִין דֶעם הויז פוּן מָכִיר זוּהְן פוּן עַמִּיאֵל, אִין לוֹ דְבָר:

5 אַזוֹי הָאט דָוִד הַמֶּלֶךְ אַהִינְגֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעלָאזְט נֶעמֶען פוּן דֶעם הויז פוּן מָכִיר זוּהְן פוּן עַמִּיאֵל אוֹים לוֹ דְבָר:

6 אוּנְד וֶוען מְפִיבֹשֶׁת זוּהְן פוּן יְהוֹנָתָן, זוּהְן פוּן שָׁאוּל אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דָוִד, אַזוֹי אִיז עֶר גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵיין פָּנִים אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט; אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט, מְפִיבֹשֶׁת! אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה דֵיין קְנֶעכְט:

7 אוּנְד דָוִד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הָאבּ נִיט קֵיין מוֹרָא, וָוארִין אִיךְ וֶועל גֶעוִויס טְהוּן חֶסֶד מִיט דִיר וֶועגֶען יְהוֹנָתָן דֵיין פָאטֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר צוּרִיקְגֶעבֶּען אַלֶע פֶעלְדֶער פוּן שָׁאוּל דֵיין פָאטֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶסֶען בְּרוֹיט בֵּייא מֵיין טִישׁ בֶּעשְׁטֶענְדִיג:

8 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דֵיין קְנֶעכְט, אַז דוּא זָאלְסְט דִיךְ קֶעהְרֶען צוּ אַזוֹי טוֹיטֶען הוּנְד וִויא אִיךְ בִּין?

9 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶערוּפֶען צוּ צִיבָא דֶעם יוּנְג פוּן שָׁאוּל, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַלֶעס וואס הָאט גֶעהֶערְט צוּ שָׁאוּל אוּנְד צוּ זֵיין גַאנְץ הויזְגֶעזִינְד הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם זוּהְן פוּן דֵיין הַאר:

10 אוּנְד דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד דֵיינֶע קְנֶעכְט זָאלֶען פָאר אִיהְם בֶּעאַרְבֵּייטֶען דָאס לַאנְד, אוּנְד וָואס דוּא וֶועסְט אֵיינְבְּרֶענְגֶען, זָאל גֶעהֶערֶען צוּ דֶעם זוּהְן פוּן דֵיין הַאר אַלְס בְּרוֹיט, אוּנְד עֶר זָאל עֶס עֶסֶען, אָבֶּער מְפִיבֹשֶׁת דֶער זוּהְן פוּן דֵיין הַאר זָאל בֶּעשְׁטֶענְדִיג עֶסֶען בְּרוֹיט בֵּייא מֵיין טִישׁ.—אוּנְד צִיבָא הָאט גֶעהַאט פוּפְצֶעהְן זִיהְן אוּנְד צְוַואנְצִיג קְנֶעכְט:

11 אוּנְד צִיבָא הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, נָאךְ אַלֶעם אַזוֹי וִויא מֵיין הַאר דֶער קֶענִיג וֶועט בֶּעפֶעהְלֶען צוּ זֵיין קְנֶעכְט, אַזוֹי וֶועט דֵיין קְנֶעכְט טְהוּן; אוּנְד מְפִיבֹשֶׁת זָאל עֶסֶען בֵּייא מֵיין טִישׁ אַזוֹי וִויא אֵיינֶער פוּן דֶעם מֶלֶךְ'ס זִיהְן:

12 אוּנְד מְפִיבֹשֶׁת הָאט גֶעהַאט אַ קְלֵיינֶעם זוּהְן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען מִיכָא, אוּנְד אַלֶע וָואס הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט אִין דֶעם הויז פוּן צִיבָא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען קְנֶעכְט צוּ מְפִיבֹשֶׁת:

13 אוּנְד מְפִיבֹשֶׁת הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין יְרוּשָׁלַיִם, וָוארִין עֶר הָאט גֶעגֶעסֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג בֵּייא דֶעם טִישׁ פוּן דֶעם מֶלֶךְ; עֶר אִיז אָבֶּער לָאהְם גֶעוֶועזֶען אוֹיף בֵּיידֶע פִים:

## קאפיטעל י

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאכְדֶעם אִיז דֶער מֶלֶךְ פוּן דִיא בְּנֵי עַמּוֹן גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד חָנוּן זֵיין זוּהְן הָאט אַנְשְׁטָאט אִיהְם רֶעגִירְט:

2 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל טְהוּן חֶסֶד מִיט חָנוּן בֶּן נָחָשׁ, אַזוֹי וִויא

זיין פֿאָטער האָט מיט מיר חֶסֶד גע־
טהון; אונד דָוִד האָט אַהינגעשיקט
איהם צו טרייסטען דורך זיינע קנעכט
וועגען זיין פֿאָטער. אונד דָוִד'ס קנעכט
זענען געקומען צו דעם לאַנד פון די
בְּנֵי עַמּוֹן:
3 אונד די האַרען פון די בְּנֵי
עַמּוֹן האָבען געזאָגט צו חָנוּן זייער
האַר, מיינסט דו דאָס דָוִד עהרט דיין
פֿאָטער אין דיינע אויגען דאָס ער
האָט צו דיר געשיקט טרייסטער? איז
עס ניט אַז ער זאָל אויספֿאָרשען די
שטאָט אונד זיא צו איבערקעהרען
האָט דָוִד געשיקט זיינע קנעכט צו דיר:
4 אונד חָנוּן האָט גענומען די
קנעכט פון דָוִד אונד ער האָט אָפּ־
געגאָלט די העלפֿט פון זייערע בערט,
אונד ער האָט אָפּגעשניטען זייערע
קליידער ביז אין די העלפֿט ביז צו
זייערע שאַנד־טיילע, אונד ער האָט זיי
אַהינגעשיקט:
5 אונד ווען מען האָט עס אָנגעזאָגט
צו דָוִד, אַזוי האָט ער געשיקט זיי
אַנטגעגען, וואָרין די מענער האָבען
זיך זייער געשעמט. אונד דער מֶלֶךְ
האָט געזאָגט, בלייבט אין יְרֵחוֹ ביז
אייערע בערט וועלען וואַקסען, אונד
דערנאָך זאָלט איהר צוריקקעהרען:
6 אונד ווען די בְּנֵי עַמּוֹן האָבען
געזעהען אַז זיי האָבען זיך פֿער־
שטינקען ביי דָוִד, אַזוי האָבען די
בְּנֵי עַמּוֹן אַהינגעשיקט אונד געדונגען
פון דעם אֲרַם בֵּית רְחוֹב, אונד פון
דעם אֲרַם צוֹבָא צוואַנציג טויזענד פוס־
גייערס, אונד פון דעם מֶלֶךְ מַעֲכָה
טויזענד מאַן, אונד פון אִישׁ־טוֹב צוועלף
טויזענד מאַן:
7 אונד ווען דָוִד האָט דערפֿון גע־
הערט, אַזוי האָט ער אַהינגעשיקט
יוֹאָב אונד דאָס גאַנצע חַיִל די
גִבּוֹרִים:
8 אונד די בְּנֵי עַמּוֹן זענען אַרויס־
געגאַנגען אונד זיא האָבען זיך אָנגע־
בּרייט צו דער מִלְחָמָה אַן דער טהיר
פון דעם טהאָר, אונד אֲרַם צוֹבָא, אונד
רְחוֹב, אונד אִישׁ־טוֹב, אונד מַעֲכָה
זענען אַליין געוועזען אויף דעם פֿעלד:
9 אונד ווען יוֹאָב האָט געזעהען אַז
דאָס פָּנִים פון דער מִלְחָמָה איז קעגען
איהם געוועזען פון פֿאָרענט אונד פון
הינטען, אַזוי האָט ער אויסגעקליבען
פון אַלע אויסדערוויילטע פון יִשְׂרָאֵל,
אונד ער האָט זיא אָנגעריכטעט קעגען
אֲרַם:
10 אונד דאָס איבּריגע פון דעם פֿאָלק
האָט ער איבערגעגעבען אין די האַנד
פון אַבִשַׁי זיין ברודער, אונד ער האָט
זייא אָנגעריכטעט קעגען די בְּנֵי עַמּוֹן:
11 אונד ער האָט געזאָגט, ווען אֲרַם
וועט שטאַרקער זיין פון מיר אַזוי
זאָלסט דו מיר העלפֿען, אונד ווען
די בְּנֵי עַמּוֹן וועלען שטאַרקער זיין
פון דיר, אַזוי וועל איך אַהינגיין אונד
דיר העלפֿען:
12 לאָמער אונס שטאַרקען וועגען
אונזער פֿאָלק אונד וועגען די שטעט
פון אונזער גאָט, אונד לאָז גאָט טהון
וואָס איז וואוילגעפֿעליג אין זיינע
אויגען:
13 אונד יוֹאָב אונד דאָס פֿאָלק וואָס
איז מיט איהם געוועזען האָט זיך גע־
נעהנט צו דער מִלְחָמָה, קעגען אֲרַם,
אונד זייא זענען פֿאַר איהם אַנטלאָפֿען:
14 אונד ווען די בְּנֵי עַמּוֹן האָבען

גֶעזֶעהֶען אַז אַרַם אִיז עֶנְטְלָאפֶען, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא (אוֹיךְ) עֶנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען פוּן פַאר אַבִישַׁי, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיין; אַזוֹי אִיז יוֹאָב צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט פוּן דִיא בְּנֵי עַמּוֹן, אוּנְד עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אִין יְרוּשָׁלָיִם:

15 אוּנְד וֶוען אַרַם הָאט גֶעזֶעהֶען אַז זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען פַאר יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ צוּזַאמֶען פֶערְזַאמֶעלְט:

16 אַזוֹי הָאט הֲדַדְעֶזֶר אַהִינְגֶעשִׁיקְט אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אַרַם וָואס אִיז אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן דֶעם טֵייךְ, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ חֵילָם, אוּנְד שׁוֹבַךְ דֶער הוֹיפְּטְמַאן פוּן הֲדַדְעֶזֶר אִיז פַאר זֵייא גֶעגַאנְגֶען:

17 אוּנְד וֶוען מֶען הָאט דָאס אָנְגֶעזָאגְט צוּ דָוִד, אַזוֹי הָאט עֶר פֶערְזַאמֶעלְט גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵּן, אוּנְד גֶעקוּמֶען נָאךְ חֵילָם, אוּנְד אַרָם הָאט זִיךְ אָנְגֶעבְּרֵייט קֶעגֶען דָוִד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מִיט אִיהְם מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען:

18 אוּנְד אַרָם אִיז עֶנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען פַאר יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דָוִד הָאט גֶעהַרְגֶעט פוּן דִיא לֵייט פוּן אַרָם זִיבֶּען טוֹיזֶענְד (לֵייט פוּן דִיא) רֵייט־וֶועגֶען, אוּנְד פֶערְצִיג טוֹיזֶענְד רֵייטֶער, אוּנְד שׁוֹבַךְ זֵיין הוֹיפְּטְמַאן הָאט עֶר גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶר אִיז דָארְטֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען:

19 אוּנְד וֶוען אַלֶע מְלָכִים וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען קְנֶעכְט צוּ הֲדַדְעֶזֶר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען פַאר יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא שָׁלוֹם גֶעמַאכְט מִיט יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעדִינְט, אוּנְד דִיא לֵייט פוּן אַרָם הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט נָאךְ אַמָאל צוּ הֶעלְפֶען דִיא בְּנֵי עַמּוֹן:

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אַ יָאהְר אַרוּם, צוּ דֶער צֵייט וֶוען דִיא מְלָכִים גֵייעֶן אַרוֹיס (צוּ דֶער מִלְחָמָה), הָאט דָוִד גֶעשִׁיקְט דֶעם יוֹאָב אוּנְד מִיט אִיהְם זֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְדָארְבֶּען דִיא בְּנֵי עַמּוֹן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֶּעלַאגֶערְט רַבָּה, אוּנְד דָוִד הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין יְרוּשָׁלָיִם:

2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ דֶער אָבֶענְד־צֵייט, אַזוֹי אִיז דָוִד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן זֵיין גֶעלֶעגֶער, אוּנְד עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם דַאךְ פוּן דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיז, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען פוּן דֶעם דַאךְ אַז אַ פְרוֹי הָאט זִיךְ גֶעוַואשֶׁען, אוּנְד דִיא פְרוֹי אִיז זֶעהְר שֵׁיין גֶעוֶועזֶען:

3 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעשִׁיקְט נָאכְצוּפְרֶעגֶען וֶועגֶען דֶער פְרוֹי, אוּנְד מֶען הָאט גֶעזָאגְט, אִיז נִיט דִיא דָאזִיגֶע דִיא בַּת שֶׁבַע, טָאכְטֶער פוּן אֱלִיעָם, דָאס וַוייבּ פוּן אוּרִיָה הַחִתִּי?

4 אוּנְד דָוִד הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים אוּנְד הָאט זִיא גֶעלָאזְט נֶעמֶען, אוּנְד עֶר אִיז צוּ אִיהְר אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט מִיט אִיהְר גֶעלֶעגֶען; וָוארִין זִיא הָאט זִיךְ גֶערֵיינִיגְט פוּן אִיהְר טֻמְאָה, אוּנְד זִיא אִיז צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ אִיהְר הוֹיז:

5 אוּנְד דָאס וַוייבּ אִיז טְרָאגֶעדִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד זִיא הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאט עֶס גֶעלָאזְט זָאגֶען צוּ דָוִד, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין טְרָאגֶעדִיג:

6 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ יוֹאָב, (אוּנְד גֶעזָאגְט) שִׁיק צוּ מִיר אוּרִיָה הַחִתִּי, אַזוֹי הָאט יוֹאָב גֶעשִׁיקְט אוּרִיָה צוּ דָוִד׃

7 אוּנְד װֶען אוּרִיָה אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דָוִד, אַזוֹי הָאט אִיהְם דָוִד גֶעפְרֶעגְט װֶעגֶען שָׁלוֹם פוּן יוֹאָב אוּנְד װֶעגֶען שָׁלוֹם פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד װֶעגֶען שָׁלוֹם פוּן דֶער מִלְחָמָה׃

8 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אוּרִיָה, גֵייא אַרוּפּ צוּ דֵיין הויז, אוּנְד װַאשׁ דֵיינֶע פִיס, אוּנְד אוּרִיָה אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ'ס הויז, אוּנְד מֶען הָאט הִינְטֶער אִיהְם גֶעטְרָאגֶען אַ חֵלֶק פוּן דֶעם מֶלֶךְ'ס סְעוּדָה׃

9 אוּנְד אוּרִיָה אִיז גֶעלֶעגֶען אַן דֶער טְהִיר פוּן דֶעם מֶלֶךְ'ס הויז, מִיט אַלֶע קְנֶעכְט פוּן זֵיין הַאר, אוּנְד עֶר אִיז נִיט אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ זֵיין הויז׃

10 אוּנְד מֶען הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ דָוִד, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אוּרִיָה אִיז נִיט אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ זֵיין הויז; אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אוּרִיָה, בִּיזְט דוּא נִיט גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם װֶעג? פַאר װָאס בִּיזְט דוּא נִיט אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֵיין הויז?

11 אוּנְד אוּרִיָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, דֶער אָרוֹן, אוּנְד יִשְׂרָאֵל, אוּנְד יְהוּדָה בְּלֵייבֶּען אִין בֵּיידְלֶעךְ, אוּנְד מֵיין הַאר יוֹאָב, אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן מֵיין הַאר זֶענֶען גֶעלַאגֶערְט אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד זָאל אִיךְ גֵיין צוּ מֵיין הויז צוּ עֶסֶען אוּנְד צוּ טְרִינְקֶען אוּנְד לִיגֶען מִיט מֵיין װֵייבּ? אַזוֹי װִיא דוּא לֶעבְּסְט אוּנְד אַזוֹי װִיא דֵיינֶע זֶעעֶלֶע לֶעבְּט אוֹיבּ אִיךְ װֶעל טְהוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ׃

12 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אוּרִיָה, בְּלֵייבּ דָאךְ הֵיינְט אוֹיךְ דָא, אוּנְד מָארְגֶען װֶעל אִיךְ דִיךְ אַװֶעקְשִׁיקֶען, אַזוֹי אִיז אוּרִיָה גֶעבְּלִיבֶּען אִין יְרוּשָׁלַיִם אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, אוּנְד (אוֹיךְ דֶעם אַנְדֶערְן) מָארְגֶען׃

13 אוּנְד דָוִד הָאט אִיהְם גֶערוּפֶען, אוּנְד עֶר הָאט פַאר אִיהְם גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אָנְגֶעשִׁיכָּרְתּ, אוּנְד אוֹיף דֶער נַאכְט אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען זִיךְ צוּ לֵייגֶען אוֹיף זֵיין גֶעלֶעגֶער מִיט דִיא קְנֶעכְט פוּן זֵיין הַאר, אָבֶּער עֶר אִיז נִיט אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ זֵיין הויז׃

14 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען צוּ מָארְגֶענְס, אַזוֹי הָאט דָוִד גֶעשְׁרִיבֶּען אַ בְּרִיף צוּ יוֹאָב, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט דוּרְךְ אוּרִיָה׃

15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בְּרִיף, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, בְּרֶענְגְט אוּרִיָה קֶעגֶען אִיבֶּער װוּא דִיא מִלְחָמָה אִיז אַם שְׁטַארְקְסְטֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ פוּן הִינְטֶער אִיהְם אַװֶעקְקֶעהְרֶען אוּנְד מֶען װֶעט אִיהְם שְׁלָאגֶען אוּנְד עֶר װֶעט שְׁטַארְבֶּען׃

16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אַז װֶען יוֹאָב הָאט גֶעהִיט דִיא שְׁטָאט, אַזוֹי הָאט עֶר אוּרִיָה אַהִינְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דֶעם אָרְט װָאס עֶר הָאט גֶעװִאוּסְט אַז דִיא חַיִל'ס לֵייט זֶענֶען דָארְטֶען׃

17 אוּנְד דִיא שְׁטָאט לֵייט זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט יוֹאָב, אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דֶעם פָאלְק פוּן דִיא קְנֶעכְט פוּן דָוִד זֶענֶען גֶעפַאלֶען, אוּנְד אוּרִיָה הַחִתִּי אִיז אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען׃

18 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאט עֶס גֶעלָאזְט אָנְזָאגֶען צוּ דָוִד דִיא גַאנְצֶע זַאךְ פוּן דֶער מִלְחָמָה׃

19 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם שָׁלִיחַ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וָוען דוּא וֶועסְט פֶערְלֶענְדֶען צוּ רֶעדֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ דִיא זַאכֶען פוּן דֶער מִלְחָמָה:

20 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, אַז דֶער גְרִימְצָארְן פוּן דֶעם מֶלֶךְ וֶועט אוֹיפְגֵיין, אוּנְד עֶר וֶועט צוּ דִיר זָאגֶען, פַאר וָואס הָאט אִיהְר אֵייךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ דֶער שְׁטָאט מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען? הָאט אִיהְר דֶען נִיט גֶעווּאוּסְט אַז זַייא וֶועלֶען שִׁיסֶען פוּן דֶער מוֹיעֶר?

21 וֶוער הָאט גֶעשְׁלָאגֶען אַבִימֶלֶךְ, זוּהְן פוּן יְרֻבֶּשֶׁת? הָאט נִיט אַ פְרוֹיא אוֹיף אִיהְם גֶעוָוארְפֶען אַ שְׁטִיק מִיל־שְׁטֵיין פוּן דִיא מוֹיעֶר אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין תֵבֵץ? פַאר וָואס הָאט אִיהְר אֵייךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ דֶער מוֹיעֶר? אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זָאגֶען, אוֹיךְ דַיין קְנֶעכְט אוּרִיָה הַחִתִּי אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען:

22 אַזוֹי אִיז דֶער שָׁלִיחַ אַהִינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד וָוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דָוִד אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט אַלֶעס וָואס יוֹאָב הָאט גֶעשִׁיקְט:

23 אוּנְד דֶער שָׁלִיחַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד אַז דִיא לֵייטֶע הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער אוּנְס גֶעשְׁטַארְקְט, אוּנְד זַייא זֶענֶען קֶעגֶען אוּנְס אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד מִיר זֶענֶען בֵּייא זַייא גֶעוָועזֶען בִּיז צוּ דֶער טְהִיר פוּן דֶעם טְהָאר:

24 אוּנְד דִיא בּוֹיגֶען־שִׁיסֶערְס הָאבֶּען גֶעשָׁאסֶען אוֹיף דֵיינֶע קְנֶעכְט פוּן דֶער מוֹיעֶר, אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד דַיין קְנֶעכְט אוּרִיָה הַחִתִּי אִיז אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען:

25 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם שָׁלִיחַ, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זָאגֶען צוּ יוֹאָב, דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ לָאז נִיט אִיבֶּעל זַיין אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, וָוארִין דֶער סֶדֶר אִיז אַזוֹי אוּנְד אַזוֹי, דָאס דִיא שְׁוֶוערְט פֶערְדַארְבְּט, מַאךְ שְׁטַארְקֶער דִיא מִלְחָמָה קֶעגֶען דֶער שְׁטָאט, אוּנְד צוּבְּרֶעךְ זִיא, אוּנְד שְׁטַארְק (טְרֵייסְט) אִיהְם:

26 אוּנְד אוּרִיָה'ס וַוייבּ הָאט גֶעהֶערְט אַז אִיהְר מַאן אוּרִיָה אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אַזוֹי הָאט זִיא גֶעקְלָאגְט וֶועגֶען אִיהְר מַאן:

27 אוּנְד וֶוען דִיא אָבֵל צֵייט אִיז פֶערְאִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען אַזוֹי הָאט דָוִד אַהִינְגֶעשִׁיקְט אוּנְד עֶר הָאט זִיא אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט צוּ זַיין הוֹיז, אוּנְד זִיא אִיז גֶעוָוארֶען צוּ זַיין וַוייבּ, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם גֶעווּאוּנֶען אַ זוּהְן; אָבֶּער דִיא זַאךְ וָואס דָוִד הָאט גֶעטְהוּן אִיז אִיבֶּעלְגֶעפָאלֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט:

## קאפיטעל יב

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶעשִׁיקְט נָתָן צוּ דָוִד, אוּנְד וֶוען עֶר אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,—עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְווייא מֶענֶער אִין אֵיינֶע שְׁטָאט, אֵיינֶער אִיז גֶעוֶועזֶען רֵייךְ אוּנְד אֵיינֶער אָרֶעם:

2 דֶער רֵייכֶער הָאט גֶעהַאט זֶעהְר פִיל שָׁאף אוּנְד רִינְדֶער:

3 אוּנְד דֶער אָרֶעמֶער הָאט גָאר נִיט גֶעהַאט, נֵייעֶרְט אֵיין קְלֵיין שֶׁעפֶּעלֶע וָואס עֶר הָאט גֶעקוֹיפְט, אוּנְד עֶר הָאט עֶס דֶערְנֶעהֶערְט, אוּנְד עֶס אִיז מִיט אִיהְם אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען אוּנְד מִיט זַיינֶע קִינְדֶער צוּזַאמֶען, פוּן זַיין בְּרוֹיט הָאט



עס

עס געגעסען אונד פון זיין כוס האט
עס געטרונקען, אונד עס איז געלעגען
אין זיין שוים, אונד עס איז צו איהם
געוועזען וויא א טאכטער:
4 אונד א דורכגייער איז געקומען צו
דעם רייכען מאן, אונד ער האט פערר־
שוינט צו נעמען פון זיינע שאף אונד
פון זיינע רינדער, צו מאכען (א מאל־
צייט) פאר דעם אורח וואס איז צו
איהם געקומען גייערט ער האט
אוועקגענומען דאס שעפעלע פון דעם
ארעמען מאן, אונד ער האט (דער פון)
געמאכט (א מאלצייט) פאר דעם מאן
וואס איז צו איהם געקומען:
5 אזוי האט דוד זעהר דערגרימט
קעגען דעם מאן, אונד ער האט געזאגט
צו נתן, אזוי וויא גאט לעבט דער מאן
איז חיב מיתה וואס האט דאס געטהון:
6 אונד פאר דעם שעפעלע זאל ער
בעצאלען פיער מאל אזוי פיעל, ווייל
ער האט געטהון דיא דאזיגע זאך,
אונד ווייל ער האט זיך ניט דערר־
בארמט:
7 אונד נתן האט געזאגט צו דוד,
דוא ביזט דער מאן, אזוי זאגט יהוה,
דער גאט פון ישראל, איך האב דיך
געזאלבט אלס קעניג איבער ישראל,
אונד איך האב דיך מציל געוועזען פון
דער האנד פון שאול:
8 אונד איך האב דיר געגעבען דאס
הויז פון דיין האר, אונד דיין האר'ס
ווייבער אין דיין שוים, אונד איך האב
דיר געגעבען דאס הויז ישראל אונד
יהודה, אונד ווען דאס ווער נאך צו
ווינציג געוועזען, אזוי העט איך דיר
נאך דאס אונד יענעס צוגעגעבען:
9 אונד פארוואס האסט דוא מבזה
געוועזען דאס ווארט פון גאט צו טהון
דאס שלעכטע אין זיינע אויגען? דוא
האסט דערשלאגען דעם אוריה החתי
דורך דעם שווערט אונד זיין ווייב
האסט דוא צו דיר גענומען אלס א
ווייב, אונד איהם האסט דוא געהרגעט
מיט דעם שווערט פון דיא בני־עמון:
10 אונד אצונד זאל דאס שווערט ניט
אפגעטהון ווערען פון דיין הויז אויף
אייביג, ווייל דוא האסט מיך מבזה
געוועזען, אונד האסט גענומען דאס
ווייב פון אוריה החתי אז זיא זאל זיין
דיין ווייב:
11 אזוי זאגט גאט, זעה איך וועל
אויפשטעלען בייזעס קעגען דיר אין
דיין הויזגעזינד, אונד איך וועל אוועקר־
נעמען דיינע ווייבער פאר דיינע אויגען,
אונד איך וועל זייא געבען צו דיין
חבר, אונד ער וועט ליגען מיט דיינע
ווייבער אין דעם שיין פון דיזער זון:
12 ווארין דוא האסט דאס געטהון
אים פערבארגענעם אבער איך וועל
עס טהון אין דער געגענווארט פון
גאנץ ישראל אונד אין דער געגענווארט
פון דער זון:
13 אונד דוד האט געזאגט צו נתן,
איך האב געזינדיגט קעגען גאט,—אונד
נתן האט געזאגט צו דוד, גאט האט
אויך דיינע זינד אוועקגעטהון; דוא
וועסט ניט שטארבען:
14 גייערט ווייל דוא האסט אורזאך
געגעבען דיא פיינד גאט צו לעסטערן
דורך דיא דאזיגע זאך, אזוי זאל אויך
דער זוהן וואס וועט צו דיר געבוירען
ווערען געוויס שטארבען:
15 אונד נתן איז אוועקגעגאנגען צו
זיין הויז,—אונד גאט האט געשלאגען


דאס

דָאס קִינְד וָואס אוּרִיָה'ס וַוייבּ הָאט
גֶעבּױרֶען צוּ דָוִד, אוּנְד עֶס אִיז זֶעהְר
קְרַאנְק גֶעוָוארֶען :
16 אוּנְד דָוִד הָאט גָאט גֶעבֶּעטֶען
וֶועגֶען דֶעם יוּנְג, אוּנְד דָוִד הָאט גֶע־
פַאסְט, אוּנְד אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאט דִיא גַאנְצֶע נַאכְט גֶעלֶעגֶען אוֹיף
דֶער עֶרְד :
17 אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן זֵיין הױז
זֶענֶען אױפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּם אִיהְם אױפְ־
צוּשְׁטֶעלֶען פוּן דֶער עֶרְד, אָבֶּער עֶר
הָאט נִיט גֶעוָואלְט, אוּנְד עֶר הָאט אױךְ
נִיט מִיט זֵייא בְּרױט גֶעגֶעסֶען :
18 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַן דֶעם
זִיבֶּענְטֶען טָאג, אַזוֹי אִיז דָאס קִינְד
גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן דָוִד
הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט עֶס אִיהְם צוּ
זָאגֶען, אַז דָאס קִינְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעטְרַאכְט, זֶעה,
וֶוען דָאס קִינְד הָאט נָאךְ גֶעלֶעבְּט
אוּנְד מִיר הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶערֶעט
אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען צוּ
אוּנְזֶער קוֹל, אוּנְד וִויא וֶועט עֶס זֵיין
וֶוען מִיר וֶועלֶען צוּ אִיהְם זָאגֶען אַז
דָאס קִינְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד עֶר
וֶועט שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן :
19 אוּנְד וֶוען דָוִד הָאט גֶעזֶעהֶען אַז
זֵיינֶע קְנֶעכְט רֶעדֶען עֶפֶּעס שְׁטִילֶערְ־
הֵייט, אַזוֹי הָאט דָוִד פֶערְשְׁטַאנֶען אַז
דָאס קִינְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד דָוִד
הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט, אִיז
דָאס קִינְד גֶעשְׁטָארְבֶּען ? אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען :
20 אַזוֹי אִיז דָוִד אױפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן
דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעוַואשֶׁען,
אוּנְד גֶעזַאלְבְּט אוּנְד גֶעוֶועקְסֶעלְט זֵיינֶע
קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
אִין דֶעם הױז פוּן גָאט אוּנְד עֶר הָאט
זִיךְ גֶעבִּיקְט, אוּנְד דֶערְנָאךְ אִיז עֶר
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין זֵיין הױז אוּנְד הָאט
פֶערְלַאנְגְט (עֶסֶען,) אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם בְּרױט פָארְגֶעלֵייגְט אוּנְד עֶר
הָאט גֶעגֶעסֶען :
21 אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דִיא דָאזִיגֶע
זַאךְ וָואס דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן ? וַוייל
דָאס קִינְד הָאט גֶעלֶעבְּט הָאסְט דוּא
גֶעפַאסְט אוּנְד גֶעוֵויינְט, אוּנְד וֶוען
דָאס קִינְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אַזוֹי בִּיזְט
דוּא אױפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאסְט בְּרױט
גֶעגֶעסֶען :
22 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען דָאס
קִינְד הָאט נָאךְ גֶעלֶעבְּט הָאבּ אִיךְ
גֶעפַאסְט אוּנְד גֶעוֵויינְט, וָוארִין אִיךְ
הָאבּ גֶעטְרַאכְט, וֶוער וֵייס אוֹיבּ גָאט
וֶועט מִיךְ לֵייטְזֶעלִיגֶען, אוּנְד וֶועט דָאס
קִינְד לָאזֶען לֶעבֶּען :
23 אָבֶּער אַצוּנְד וֶוען (דָאס קִינְד) אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר וָואס זָאל אִיךְ דֶען
פַאסְטֶען ? קֶען אִיךְ אִיהְם דֶען צוּרִיקְ־
בְּרֶענְגֶען ? אִיךְ וֶועל צוּ אִיהְם גֵיין,
אָבֶּער עֶר קֶען נִיט צוּ מִיר צוּרִיקְקוּמֶען :
24 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעטְרֵייסְט זֵיין
וַוייבּ בַּת שֶׁבַע, אוּנְד עֶר אִיז צוּ אִיהְר
גֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט מִיט אִיהְר
גֶעלֶעגֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעוָואוּנֶען אַ
זוּהְן, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען זֵיין
נָאמֶען שְׁלֹמֹה, אוּנְד גָאט הָאט אִיהְם
לִיבּ גֶעהַאט :
25 אוּנְד (גָאט) הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט
דוּרְךְ נָתָן הַנָּבִיא, אוּנְד עֶר הָאט זֵיין
נָאמֶען גֶערוּפֶען יְדִידְיָה, פוּן וֶועגֶען
גָאט :
26 אוּנְד יוֹאָב הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען



קעגען

קֶענֶען רַבָּה פוּן דִיא בְּנֵי עַמוֹן, אוּנְד
עֶר הָאט אֱיינְגֶענוּמֶען דִיא קֶענִיגְלִיכֶע
שְׁטָאט׃
27 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים
צוּ דָוִד, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעלָאזְט
זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען
קֶענֶען רַבָּה, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ דִיא
וַואסֶער־שְׁטָאט אֱיינְגֶענוּמֶען׃
28 אוּנְד אַצוּנְד זַאמֶעל אֱיין דָאס
אִיבְּרִיגֶע פוּן דֶעם פָאלְק אוּנְד בֶּע־
לַאגֶערֶע דִיא שְׁטָאט אוּנְד נֶעם זִיא
אֱיין, טָאמֶער וֶועל אִיךְ דִיא שְׁטָאט
אֱיינְגֶענוּמֶען אוּנְד זִיא וֶועט גֶערוּפֶען
וֶוערֶען בַּייא מֵיין נָאמֶען׃
29 אַזוֹי הָאט דָוִד אֱיינְגֶעזַאמֶעלְט דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק, אוּנְד עֶר אִיז אַהִינְ־
גֶעגַאנְגֶען נָאךְ רַבָּה, אוּנְד עֶר הָאט
קֶענֶען אִיהְר מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען, אוּנְד
עֶר הָאט זִיא אֱיינְגֶענוּמֶען׃
30 אוּנְד עֶר הָאט אַרוּפְּגֶענוּמֶען דִיא
קְרוֹין פוּן דֶעם קָאפּ פוּן זֵייעֶר קֶענִיג,
אוּנְד אִיהְר גֶעוִויכְט אִיז גֶעוֶועזֶען אַ
צֶענְטְנֶער גָאלְד, אוּנְד מִיט טֵייעֶרֶע
שְׁטֵיינֶער, אוּנְד עֶס אִיז אוֹיפְגֶעזֶעצְט
גֶעוֶועזֶען אוֹיף דָוִד'ס קָאפּ, אוּנְד עֶר
הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט זֶעהְר פִיל זַאקְ־
רוֹיבּ פוּן דֶער שְׁטָאט׃
31 אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט
דָאס פָאלְק וָואס אִיז אִין אִיהְר גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעטְהוּן אוּנְטֶער
דִיא זֶעגֶען, אוּנְד אוּנְטֶער דִיא אֱייזֶערְנֶע
דְרֶעשׁ־כֵּלִים, אוּנְד מִיט אֱייזֶערְנֶע הֶעק,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא דוּרְכְגֶעפִיהְרְט דוּרְךְ
דָאס צִיגֶעלְפֶּעלְד, אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר
גֶעטְהוּן צוּ אַלֶע שְׁטֶעט פוּן דִיא בְּנֵי
עַמוֹן; אוּנְד דָוִד אוּנְד דָאס גַאנְצֶע
פָאלְק הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם׃

## קאפיטעל יג

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאכְדֶעם,
דָאס אַבְשָׁלוֹם, דָוִד'ס זוּהְן הָאט גֶעהַאט
אַ שֵׁיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, אוּנְד זִיא הָאט
גֶעהֵייסֶען תָּמָר, אוּנְד אַמְנוֹן, דָוִד'ס
זוּהְן הָאט זִיא גֶעלִיבְּט׃
2 אוּנְד אַמְנוֹן הָאט זִיךְ גֶעגְרָעמְט בִּיז
עֶר אִיז קְרַאנְק גֶעוָוארֶען וֶועגֶען תָּמָר
זֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, וָוארִין זִיא אִיז גֶע־
וֶועזֶען אַ בְּתוּלָה, אוּנְד עֶס אִיז שְׁוֶוער
גֶעוֶועזֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן אַמְנוֹן
אַז עֶר זָאל אִיהְר עֶפֶּעס שְׁלֶעכְטֶעס
טְהוּן׃
3 אוּנְד אַמְנוֹן הָאט גֶעהַאט אַ פְרֵיינְד,
וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען יוֹנָדָב, זוּהְן פוּן
שִׁמְעָה דָוִד'ס בְּרִידֶער; אוּנְד יוֹנָדָב אִיז
גֶעוֶועזֶען זֶעהְר קְלוּג (שְׁלֶעכְטֶעס צוּ
טְהוּן)׃
4 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וַוארוּם בִּיזְט דוּא אַזוֹי מָאגֶער, דוּא בֶּן
מֶלֶךְ פוּן מָארְגֶען צוּ מָארְגֶען? ווִילְסְט
דוּא עֶס מִיר נִיט זָאגֶען? אַזוֹי הָאט
אַמְנוֹן צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ לִיבּ
דִיא תָּמָר, מֵיין בְּרוּדֶער אַבְשָׁלוֹם'ס
שְׁוֶועסְטֶער׃
5 אוּנְד יְהוֹנָדָב הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, לֵייג דִיךְ אַנִידֶער אוֹיף דֵיין בֶּעט
אוּנְד מַאךְ דִיךְ קְרַאנְק, אוּנְד וֶוען דֵיין
פָאטֶער וֶועט דִיךְ קוּמֶען זֶעהֶען אַזוֹי
זָאלְסְט דוּא צוּ אִיהְם זָאגֶען, אִיךְ בֶּעט
דִיךְ, לָאז דָאךְ מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער תָּמָר
קוּמֶען אוּנְד מִיר שְׁפֵּייזֶע צוּבֶּערֵייטֶען
פַאר מֵיינֶע אוֹיגֶען, אַז אִיךְ זָאל עֶס
זֶעהֶען אוּנְד עֶסֶען פוּן אִיהְר הַאנְד׃
6 אַזוֹי הָאט זִיךְ אַמְנוֹן אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט
אוּנְד קְרַאנְק גֶעמַאכְט; אוּנְד וֶוען דֶער

מֶלֶךְ אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִיהְם צוּ זֶעהֶען, אַזוֹי הָאט אַמְנוֹן גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לָאז דָאךְ מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער תָּמָר קוּמֶען אוּנְד מִיר מַאכֶען צְווייא קִיכֶעלֶעךְ פַאר מֵיינֶע אויגֶען, אַז אִיךְ זָאל זֵייא עֶסֶען פוּן אִיהְרֶע הַאנְד :

7 אוּנְד דָוִד הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט צוּ תָּמָר'ס הויז, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גֵייא נוּן צוּ דֵיין בְּרוּדֶער אַמְנוֹן'ס הויז, אוּנְד מַאךְ צוּ אִיהְם דָאס עֶסֶען :

8 אַזוֹי אִיז תָּמָר אַהִינְגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהְר בְּרוּדֶער אַמְנוֹן'ס הויז, אוּנְד עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶענוּמֶען דֶעם טֵייג אוּנְד הָאט עֶס גֶעקְנֶעטֶען אוּנְד זִיא הָאט גֶעמַאכְט דִיא קִיכֶעלֶעךְ פַאר זֵיינֶע אויגֶען אוּנְד זִיא הָאט זֵייא גֶעבַּאקֶען :

9 אוּנְד זִיא הָאט גֶענוּמֶען דִיא פֵייעֶר־פַאן אוּנְד זִיא הָאט עֶס אויסְגֶעגָאסֶען פַאר אִיהְם, אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט עֶסֶען, אוּנְד אַמְנוֹן הָאט גֶעזָאגְט, לָאז אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן מִיר אַרויסְגֵיין, אַזוֹי אִיז אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן אִיהְם אַרויסְגֶעגַאנְגֶען :

10 אוּנְד אַמְנוֹן הָאט גֶעזָאגְט צוּ תָּמָר, בְּרֶענְג דָאס עֶסֶען אִין מֵיין שְׁלָאף־חֶדֶר אַז אִיךְ זָאל עֶס עֶסֶען פוּן דֵיינֶע הַאנְד, אַזוֹי הָאט תָּמָר גֶענוּמֶען דִיא קִיכֶעלֶעךְ וָואס זִיא הָאט גֶעמַאכְט אוּנְד זִיא הָאט זֵייא גֶעבְּרֶענְגְט צוּ אִיהר בְּרוּדֶער אַמְנוֹן אִין זֵיין שְׁלָאף־חֶדֶר אַרֵיין :

11 אוּנְד וֶוען זִיא הָאט עֶס צוּ אִיהְם נָאהֶענְט גֶעבְּרַאכְט צוּ עֶסֶען, אַזוֹי הָאט עֶר זִיא אָנְגֶעכַאפְּט אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, קוּם, לֵייג דִיךְ מִיט מִיר, מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער :

12 אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, נֵיין, מֵיין בְּרוּדֶער ! דוּא זָאלְסְט מִיךְ נִיט פֵּיינִיגֶען, וָוארִין אַ זָאלְכֶעס טָאר נִיט גֶעטְהוּן וֶוערֶען אִין יִשְׂרָאֵל, דוּא זָאלְסְט נִיט טְהוּן דִיא דָאזִיגֶע נַארִישֶׁע (שְׁלֶעכְטֶע) זַאךְ :

13 אוּנְד אִיךְ, אַוְואוּ זָאל אִיךְ אַהִינְגֵיין וֶועגֶען מֵיינֶע שַׁאנְד ? אוּנְד דוּא־דוּא וֶועסְט זֵיין וִויא אֵיינֶער פוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע אִין יִשְׂרָאֵל ; אוּנְד אַצוּנְד רֶעד דָאךְ צוּ דֶעם מֶלֶךְ, וָוארִין עֶר וֶועט מִיךְ נִיט פוּן דִיר אָפְּהַאלְטֶען :

14 אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט הָארְכֶען צוּ אִיהְר קוֹל, אוּנְד אַז עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְקֶער פוּן אִיהְר אַזוֹי הָאט עֶר זִיא גֶעפֵּיינִיגְט, אוּנְד עֶר אִיז מִיט אִיהְר גֶעלֶעגֶען :

15 דֶערְנָאךְ הָאט זִיא אַמְנוֹן גֶעהַאסְט מִיט אַ זֶעהְר גְרויסֶען הַאס, אַזוֹי דָאס דֶער הַאס מִיט וָואס עֶר הָאט זִיא גֶעהַאסְט אִיז גְרֶעסֶער גֶעוֶועזֶען וִויא דִיא לִיבְּשַׁאפְט מִיט וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיא גֶעלִיבְּט ; אוּנְד אַמְנוֹן הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אויף, אוּנְד גֵייא אַוֶועק !

16 אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶועגֶען דֶעם אִיז דָאס דָאזִיגֶע אִיבֶּעל גְרֶעסֶער וִויא דָאס אַנְדֶערֶע, וָואס דוּא הָאסְט מִיט מִיר גֶעטְהוּן, מִיךְ אַוֶועק צוּ שִׁיקֶען, אָבֶּער עֶר הָאט זִיא נִיט גֶעוָואלְט צוּהֶערֶען :

17 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען זֵיין יוּנְג, וָואס הָאט אִיהְם בֶּעדִינְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, שִׁיק דִיא דָאזִיגֶע אַוֶועק פוּן מִיר אויף דֶער גַאס, אוּנְד פֶערְשְׁלִיס דִיא טְהִיר הִינְטֶער אִיהְר :

18 אוּנְד זִיא הָאט אויף זִיךְ גֶעהַאט אַ קְלֵייד פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע פַארְבֶּען,—



ווארין

וָוארִין אוֹיף אַזאַ אַן אוֹפֶן פְּלֶעגְען זִיךְ
דֶעם מֶלֶךְ'ס טֶעכְטֶער וָואס וָועגֶען גֶע־
וָועזֶען בְּתוּלוֹת אָנְקְלֵיידֶען—אוּנְד זַיין
בֶּעדִינֶער הָאט זִיא אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט
אוֹיף דֶער גַאס, אוּנְד עֶר הָאט הִינְטֶער
אִיהְר דִיא טְהִיר פֶערשְׁלָאסֶען׃
19 אוּנְד תָּמָר הָאט גֶעטְהוּן אַשׁ אוֹיף
אִיהְר קָאפּ, אוּנְד דָאס קְלֵייד פוּן
פֶערְשִׁידֶענֶע פַארְבֶּען וָואס זִיא הָאט
אוֹיף זִיךְ גֶעהַאט, הָאט זִיא צוּרִיסֶען,
אוּנְד זִיא הָאט גֶעלֵייגְט אִיהְרֶע הַאנְד
אוֹיף אִיהְר קָאפּ, אוּנְד אַזוֹי וִויא זִיא
אִיז גֶעגַאנְגֶען הָאט זִיא גֶעשְׁרִיגֶען׃
20 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם אִיהְר בְּרוּדֶער הָאט
צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, אִיז דַיין בְּרוּדֶער
אַמְנוֹן בַּייא דִיר גֶעוָועזֶען? אָבֶּער
אַצוּנְד מַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער שְׁוַויג דָאךְ
שְׁטִיל, עֶר אִיז דַיין בְּרוּדֶער; נֶעם נִיט
דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ צוּ הֶערְצֶען; אַזוֹי אִיז
תָּמָר גֶעבְּלִיבֶּען וִויא אַ פֶערְוִויסְטֶע אִין
דֶעם הוֹיז פוּן אַבְשָׁלוֹם אִיהְר בְּרוּדֶער׃
21 אוּנְד וָוען דָוִד הַמֶּלֶךְ הָאט גֶעהֶערְט
אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען, אַזוֹי הָאט זַיין
צָארְן זֶעהְר דֶערגְרִימְט׃
22 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט נִיט גֶערֶעט
מִיט אַמְנוֹן וֶועדֶער שְׁלֶעכְטֶעס נָאךְ
גוּטֶעס, וָוארִין אַבְשָׁלוֹם הָאט גֶעהַאסְט
דֶעם אַמְנוֹן וֶועגֶען דֶעם דָאס עֶר הָאט
גֶעפֵּיינִיגְט זַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער תָּמָר׃
23 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין צְווייא
יָאהְר אַרוּם דָאס אַבְשָׁלוֹם הָאט גֶעהַאט
שָׁאף שֶׁערֶערְס אִין בַּעַל חָצוֹר, וָואס
אִיז בַּייא אֶפְרַיִם, אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט
אֵיינְגֶעלַאדֶען אַלֶע זִיהְן פוּן דֶעם מֶלֶךְ׃
24 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם אִיז גֶעקוּמֶען צוּ
דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
זֶעה דָאךְ, דַיין קְנֶעכְט הָאט שָׁאף
שֶׁערֶערְס, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לָאז דֶער מֶלֶךְ
אוּנְד זַיינֶע קְנֶעכְט גֵיין מִיט דַיין קְנֶעכְט׃
25 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אַבְשָׁלוֹם, נִיט אַזוֹי מַיין זוּהְן, לָאמִיר
נִיט אַלֶע גֵיין, אַז עֶס זָאל דִיר נִיט צוּ
שְׁוֶוער וֶוערֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם
שְׁטַארְק גֶעבֶּעטֶען, אָבֶּער עֶר הָאט
נִיט גֶעוָואלְט גֵיין, אוּנְד עֶר הָאט
אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט׃
26 אַזוֹי הָאט אַבְשָׁלוֹם גֶעזָאגְט, וָוען
נִיט—לָאז דָאךְ מַיין בְּרוּדֶער אַמְנוֹן מִיט
אוּנְס גֵיין, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, פַאר וָואס זָאל עֶר מִיט
דִיר גֵיין?
27 אוּנְד וָוען אַבְשָׁלוֹם הָאט אִיהְם
שְׁטַארְק גֶעבֶּעטֶען אַזוֹי הָאט עֶר מִיט
אִיהְם גֶעשִׁיקְט אַמְנוֹן אוּנְד אַלֶע זִיהְן
פוּן דֶעם מֶלֶךְ׃
28 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ
זַיינֶע יוּנְגֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, בֶּעמֶערְקְט
דָאךְ—אַז וָוען דָאס הַארְץ פוּן אַמְנוֹן
אִיז פְרֵיילִיךְ מִיט וויין—אוּנְד וָוען אִיךְ
וֶועל צוּ אֵייךְ זָאגֶען, שְׁלָאגְט דֶעם
אַמְנוֹן אוּנְד טֵייט אִיהְם, אַזוֹי זָאלְט
אִיהְר נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען, וָוארִין
הָאבּ אִיךְ עֶס אֵייךְ נִיט גֶעבָּאטֶען?
שְׁטַארְקְט אֵייךְ אוּנְד זֵייט חַיִל'ס לֵייט׃
29 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם'ס יוּנְגֶען הָאבֶּען
גֶעטְהוּן צוּ אַמְנוֹן אַזוֹי וִויא אַבְשָׁלוֹם
הָאט גֶעבָּאטֶען, אוּנְד אַלֶע זִיהְן פוּן
דֶעם מֶלֶךְ זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
אִיטְלִיכֶער הָאט גֶערִיטֶען אוֹיף זַיין
מוֹיל־אֵייזֶעל אוּנְד זֵייא זֶענֶען אֶנְטְ־
לָאפֶען׃
30 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז זֵייא
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם וֶועג אַזוֹי
אִיז דִיא שְׁמוּעָה אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דָוִד,

אזוי

אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַבְשָׁלוֹם הָאט דֶערְ־
שְׁלָאגֶען אַלֶע זִיהְן פוּן דֶעם מֶלֶךְ,
אֵיינֶער פוּן זַייא אִיז נִיט אַ מָאל
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען׃
31 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד עֶר הָאט צוּרִיסֶען זַיינֶע קְלֵיידֶער,
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט אוֹיף דֶער
עֶרְד, אוּנְד אַלֶע זַיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען
דֶערְנֶעבֶּען גֶעשְׁטַאנֶען מִיט צוּרִיסֶענֶע
קְלֵיידֶער׃
32 אוּנְד יוֹנָדָב זוּהְן פוּן שִׁמְעָה, דָוִד'ס
בְּרוּדֶער הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד גֶע־
זָאגְט, לָאז נִיט מֵיין הַאר זָאגֶען אַז
אַלֶע יוּנְגֶען, דִיא זִיהְן פוּן דֶעם מֶלֶךְ
זֶענֶען גֶעטֵייט, נֵייעֶרְט אַמְנוֹן אַלֵיין אִיז
טוֹיט, וָוארִין דָאס אִיז גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען
אוֹיף דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן אַבְשָׁלוֹם,—פוּן
דֶעם טָאג אָן דָאס עֶר הָאט גֶעפֵּיינִיגְט
זַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער תָּמָר׃
33 אוּנְד אַצוּנְד לָאז נִיט מֵיין הַאר
קֶענִיג דִיא זַאךְ צוּ הַארְץ לֵייגֶען, צוּ
זָאגֶען אַז אַלֶע זִיהְן פוּן דֶעם מֶלֶךְ
זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען, נֵייעֶרְט אַמְנוֹן אַלֵיין
אִיז טוֹיט׃
34 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם אִיז עֶנְטְלָאפֶען,
אוּנְד וֶוען דֶער יוּנְג דֶער וֶועכְטֶער הָאט
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע אוֹיגֶען אַזוֹי הָאט
עֶר גֶעזֶעהֶען פִיעֶל פָאלְק זֶענֶען הִינְטֶער
אִיהְם גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם וֶועג אַן
דֶער זַייט פוּן דֶעם בַּארְג׃
35 אוּנְד יוֹנָדָב הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מֶלֶךְ, זֶעה, דִיא זִיהְן פוּן דֶעם מֶלֶךְ
קוּמֶען אַזוֹי וִויא דַיין קְנֶעכְט הָאט
גֶעזָאגְט, אַזוֹי אִיז עֶס גֶעוָוארֶען׃
36 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר
הָאט פֶערְלֶענְדִיגְט צוּ רֶעדֶען, זֶעה, אַזוֹי
זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן דֶעם מֶלֶךְ אָנְ־
גֶעקוּמֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיפְ־
גֶעהוֹיבֶּען זַייעֶר קוֹל אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעוֵויינְט, אוּנְד אוֹיךְ דֶער מֶלֶךְ אוּנְד
אַלֶע זַיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען זֶעהְר שְׁטַארְק
גֶעוֵויינְט׃
37 אָבֶּער אַבְשָׁלוֹם אִיז עֶנְטְלָאפֶען,
אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ תַּלְמַי זוּהְן
פוּן עַמִיחוּר קֶענִיג פוּן גְשׁוּר, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעטְרוֹיעֶרְט וֶועגֶען זַיין זוּהְן אַלֶע
טֶעג׃
38 אוּנְד אַזוֹי אִיז אַבְשָׁלוֹם עֶנְטְלָאפֶען,
אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ גְשׁוּר, אוּנְד
עֶר אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען דְרַייא יָאהְר׃
39 אוּנְד דָוִד הַמֶלֶךְ הָאט גֶעגְלוּסְט
אַרוֹיסְצוּגֵיין צוּ אַבְשָׁלוֹם, וָוארִין עֶר
אִיז (שׁוֹין) גֶעוֶועזֶען גֶעטְרֵייסְט וֶועגֶען
אַמְנוֹן, וַוייל עֶר וַואר טוֹיט׃

## קאפיטעל יד

1 אוּנְד יוֹאָב זוּהְן פוּן צְרוּיָה הָאט
גֶעוְואוּסְט אַז דָאס הַארְץ פוּן דֶעם
מֶלֶךְ אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אַבְשָׁלוֹם׃
2 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעשִׁיקְט נָאךְ
תְּקוֹעָה, אוּנְד עֶר הָאט פוּן דָארְט
גֶענוּמֶען אַ קְלוּגֶע פְרוֹיא, אוּנְד עֶר
הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ
פֶערְשְׁטֶעל דִיךְ פַאר אַן אָבֶלְתֶע, אוּנְד
טְהוּא אָן דִיא טְרוֹיעֶר־קְלֵיידֶער, אוּנְד
זַאלְב דִיךְ נִיט מִיט אֵייל, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט זַיין וִויא אַ פְרוֹיא וָואס טְרוֹיעֶרְט
שׁוֹין לַאנְג וֶועגֶען אַ טוֹיטֶען׃
3 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט אַרֵיינְקוּמֶען
צוּ דֶעם מֶלֶךְ אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ אִיהְם
רֶעדֶען נָאךְ דֶער דָאזִיגֶער זַאךְ; אוּנְד
יוֹאָב הָאט דִיא רֵייד גֶעטְהוּן אִין אִיהְר
מוֹיל אַרֵיין׃
4 אוּנְד דִיא פְרוֹיא פוּן תְּקוֹעָה הָאט
גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד זִיא אִיז

גֶעפַאלֶען אויף אִיהְר פָּנִים צוּ דֶער
עֶרְד, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט,
אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, הֶעלְף אָ מֶלֶךְ!
5 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ אִיהְר גֶע־
זָאגְט, וָואס אִיז דִיר? אוּנְד זִיא הָאט
גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין אֵיינֶע אַלְמָנָה, אוּנְד
מֵיין מַאן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען:
6 אוּנְד דֵיינֶע דִינְסְט מויד הָאט צְוֵוייא
זִיהְן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ בֵּיידֶע
גֶעקְרִיגְט אִין דֶעם פֶעלְד, אוּנְד עֶס
אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען צְווִישֶׁען זַייא אֵיינֶער
וָואס זָאל מַצִיל זַיין, אַזוֹי הָאט אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם גֶעטֵייט:
7 אוּנְד זֶעה, דִיא גַאנְצֶע מִשְׁפָּחָה אִיז
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען קֶעגֶען דֵיינֶע דִינְסְט
מויד אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, גִיבּ
אַהֶער דֶעם וָואס הָאט זַיין בְּרוּדֶער
דֶערְשְׁלָאגֶען אַז מִיר זָאלֶען אִיהְם
טֵייטֶען פוּן וֶועגֶען דֶעם נֶפֶשׁ פוּן זַיין
בְּרוּדֶער וָואס עֶר הָאט גֶעהַרְגֶ'ת, אוּנְד
אוּנְד מִיר וֶועלֶען דֶעם יוֹרֵשׁ אויךְ
פֶערְטִילְגֶען, אוּנְד אַזוֹי וֶועלֶען זַייא
פֶערְלֶעשֶׁען מֵיינֶע קוֹילֶען וָואס אִיז
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, כְּדֵי זַייא זָאלֶען נִיט
לָאזֶען צוּ מֵיין מַאן אֵיין נָאמֶען אָדֶער
אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג אויף דֶער עֶרְד!
8 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דֶעם ווייבּ, גֵייא צוּ דֵיין הויז, אוּנְד
אִיךְ וֶועל אַ בֶּעפֶעהְל גֶעבֶּען וֶועגֶען דִיר:
9 אוּנְד דָאס ווייבּ פוּן תְּקוֹעָה הָאט
גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אויף מִיר אָ
הַאר מֶלֶךְ, אוּנְד אויף מֵיין פָאטֶער'ס
הויזְגֶעזִינְד זָאל זַיין דִיא זִינְד, אָבֶּער
דֶער מֶלֶךְ אוּנְד זַיין טְרָאהְן שְׁטוּהְל
זָאל זַיין רֵיין:
10 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט, דֶער
וָואס וֶועט עֶפֶּעס צוּ דִיר רֶעדֶען דֶעם
זָאלְסְט דוּא צוּ מִיר בְּרֶענְגֶען, אַזוֹי וֶועט
עֶר דִיךְ נִיט מֶעהְר אָנְרִיהְרֶען:
11 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, לָאז דָאךְ
דֶער מֶלֶךְ גֶעדֶענְקֶען דֶעם יהוה דֵיין
גָאט כְּדֵי דֶער גּוֹאֵל הַדָּם זָאל נִיט
פֶערְדַארְבֶּען אוּנְד נִיט פֶערְטִילְגֶען מֵיין
זוּהְן. אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי וִויא
גָאט לֶעבְּט אויבּ עֶס וֶועט פַאלֶען אַ
הָאר פוּן דֵיין זוּהְנ'ס קָאפּ צוּ דֶער עֶרְד:
12 אוּנְד דָאס ווייבּ הָאט גֶעזָאגְט, לָאז
דָאךְ דֵיינֶע דִינְסְט מויד אַ וָוארְט רֶע־
דֶען צוּ מֵיין הַאר דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, רֶעד:
13 אוּנְד דָאס ווייבּ הָאט גֶעזָאגְט,
וַוארוּם הָאסְט דוּא רֶעדֶען זָאלְכֶע גֶעדַאנְ־
קֶען קֶעגֶען דֶעם פָאלְק פוּן גָאט?
וָוארִין דֶער מֶלֶךְ רֶעט דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ
וִויא אֵיינֶער וָואס אִיז שׁוּלְדִיג, דָאס
דֶער מֶלֶךְ וִויל נִיט צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען זַיין
פֶערְשְׁטוֹיסֶענֶעם:
14 וָוארִין מִיר מוּזֶען דָאךְ שְׁטַארְבֶּען,
אוּנְד (מִיר זֶענֶען) אַזוֹי וִויא וַואסֶער
וָואס אִיז פֶערְגָאסֶען אויף דֶער עֶרְד
וָואס קֶען נִיט מֶעהְר אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט
וֶוערֶען: אוּנְד גָאט אִיז אויךְ נִיט אַ
נוֹשֵׂא פָּנִים, אוּנְד דָאךְ טְרַאכְט עֶר
גֶעדַאנְקֶען אַז דֶער פֶערְשְׁטוֹיסֶענֶער זָאל
נִיט פוּן אִיהְם פֶערְשְׁטוֹיסֶען וֶוערֶען:
15 אוּנְד אַצוּנְד אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען
צוּ רֶעדֶען צוּ מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג
דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט, עֶס אִיז ווייל דָאס
פָאלְק הָאט מִיר מוֹרָא גֶעמַאכְט, אוּנְד
דֵיינֶע דִינְסְטְמויד הָאט גֶעטְרַאכְט, אִיךְ
וִויל דָאךְ רֶעדֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ, טָאמֶער
וֶועט דֶער מֶלֶךְ טְהוּן דִיא זַאךְ פוּן
זֵיינֶע דִינְסְטְמויד:

16 וָוארִין דֶער מֶלֶךְ וֶועט צוּהֶערֶען, אוּנְד מַצִיל זֵיין זֵיינֶע דִינְסְטְמוֹיד פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם מַאן וָואס ווִיל מִיךְ אוּנְד מֵיינֶע קִינְדֶער צוּזַאמֶען פֶּערְטִילְגֶען פוּן דֶער נַחְלָה פוּן גָאט׃

17 אוּנְד דֵיינֶע דִינְסְטְמוֹיד הָאט זִיךְ גֶעטְרַאכְט, אַז דָאס וָוארְט פוּן מֵיין הַאר דֶעם מֶלֶךְ וֶועט גֶעווִיס זֵיין אַ נֶחָמָה; וָוארִין אַזוֹי ווִיא אַ מַלְאָךְ פוּן גָאט אַזוֹי אִיז מֵיין הַאר דֶער מֶלֶךְ, אוֹיסְצוּהֶערֶען דָאס גוּטֶע אוּנְד דָאס בֵּייזֶע, אוּנְד יְהֹוָה דֵיין גָאט זָאל זֵיין מִיט דִיר׃

18 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם ווֵייבּ, דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְמֵיידֶען פוּן מִיר קֵיין שׁוּם זַאךְ וָואס אִיךְ וֶועל דִיךְ פְרֶעגֶען; אוּנְד דָאס ווֵייבּ הָאט גֶעזָאגְט, לָאז דָאךְ מֵיין הַאר דֶער מֶלֶךְ רֶעדֶען׃

19 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט, אִיז דִיא הַאנְד פוּן יוֹאָב מִיט דִיר אִין דֶעם אַלֶעם דָאזִיגֶען? אוּנְד דָאס ווֵייבּ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי ווִיא דֵיינֶע זֶעעֶלֶע לֶעבְּט, אָ מֵיין הַאר קֶענִיג, אוֹיבּ עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ מַאן צוּר רֶעכְטֶען אָדֶער צוּר לִינְקֶען פוּן דֶעם אַלֶעם וָואס מֵיין הַאר דֶער קֶענִיג הָאט גֶערֶעט, וָוארִין דֵיין קְנֶעכְט יוֹאָב, עֶר הָאט עֶס מִיר גֶעבָּאטֶען, אוּנְד עֶר הָאט אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע ווֶערְטֶער גֶעלֵייגְט אִין דֶעם מוֹיל פוּן דֵיינֶע דִינְסְטְמוֹיד׃

20 אוּם אַרוּם צוּ דְרֵייעֶן דָאס פָּנִים פוּן דֶער זַאךְ הָאט דֵיין קְנֶעכְט יוֹאָב דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ גֶעטְהוּן; אָבֶּער מֵיין הַאר אִיז אַ חָכָם ווִיא דִיא חָכְמָה פוּן אַ מַלְאָךְ פוּן גָאט, אוּם צוּ ווִיסֶען אַלֶעס וָואס טְהוּט זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד׃

21 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעזָאגְט צוּ יוֹאָב, זֶעה, נוּן, אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ; דַארוּם גֵייא אוּנְד בְּרֶענְג צוּרִיק דֶעם יוּנְג, דֶעם אַבְשָׁלוֹם׃

22 אַזוֹי אִיז יוֹאָב גֶעפַאלֶען מִיט זֵיין פָּנִים אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט, אוּנְד עֶר הָאט דֶעם מֶלֶךְ גֶעבֶּענְשְׁט; אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעזָאגְט, הֵיינְט הָאט דֵיין קְנֶעכְט דֶערְקֶענְט אַז אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען חֵן אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, אָ מֵיין הַאר מֶלֶךְ! ווֵייל דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָוארְט פוּן דֵיין קְנֶעכְט׃

23 אַזוֹי אִיז יוֹאָב אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ גְשׁוּר אוּנְד עֶר הָאט דֶעם אַבְשָׁלוֹם גֶעבְּרַאכְט נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם׃

24 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט, לָאז עֶר אָפְּקֶעהְרֶען צוּ זֵיין הוֹיז, אָבֶּער מֵיין פָּנִים זָאל עֶר נִיט זֶעהֶען; אַזוֹי אִיז אַבְשָׁלוֹם אֵיינְגֶעקֶעהְרְט אִין זֵיין הוֹיז, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען דָאס פָּנִים פוּן דֶעם מֶלֶךְ׃

25 אוּנְד אַזוֹי ווִיא אַבְשָׁלוֹם אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין שֶׁענֶערֶער אִין גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אַז מֶען זָאל אִיהְם זֶעהְר לוֹיבֶּען, פוּן דֶעם טְרִיט פוּן זֵיין פוּס בִּיז צוּ זֵיין קָאפּ אִיז נִיט אִין אִיהְם גֶעוֶועזֶען אַ מוּם׃

26 אוּנְד וֶוען מֶען הָאט אִיהְם אָפְּגֶעשָׁארֶען (דִיא הָאר פוּן) זֵיין קָאפּ (וָוארִין דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן אֵיין עֶק יָאהְר צוּ דֶעם אַנְדֶערְן וָואס עֶר פְלֶעגְט זִיךְ אָפְּשֶׁערֶען דֶען דִיא הָאר זֶענֶען אוֹיף אִיהְם שְׁווֶעהְר גֶעוֶועזֶען אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ גֶעלָאזְט שֶׁערֶען), אַזוֹי אִיז דָאס



געוויכט

גֶעווִיכְט פוּן זַיינֶע הָאר גֶעוֶועזֶען צְווייא
הוּנְדֶערְט שְׁקָלִים נָאךְ דֶעם גֶעווִיכְט
פוּן דֶעם מֶלֶךְ׃
27 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען
צוּ אַבְשָׁלוֹם דְרֵייא זִיהְן אוּנְד אֵיינֶע
טָאכְטֶער, אוּנְד אִיהְר נָאמֶען וַואר תָּמָר,
זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען אַ שֵׁיינֶע פְרוֹיא
אָנְצוּזֶעהֶען׃
28 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט גֶעווָאוִינְט אִין
יְרוּשָׁלַיִם צְווייא יָאהְר, אָבֶּער עֶר הָאט
נִיט גֶעזֶעהֶען דָאס פָּנִים פוּן דֶעם מֶלֶךְ׃
29 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט גֶעשִׁיקְט נָאךְ
יוֹאָב כְּדֵי עֶר זָאל אִיהְם שִׁיקֶען צוּ
דֶעם קֶענִיג, אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גֶעוָ־
וָאלְט צוּ אִיהְם קוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט
נָאךְ אַ מָאל צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט, אָבֶּער
עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט קוּמֶען׃
30 אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע
קְנֶעכְט, זֶעהְט, יוֹאָב׳ס פֶעלְד אִיז נָא־
הֶענְט פוּן מַיין (פֶעלְד) אוּנְד עֶר הָאט
דָארְטֶען גֶערְשְׁטֶען, גֵייט אוּנְד צִינְדֶעט
עֶס אָהְן מִיט פֵייעֶר, אַזוֹי הָאבֶּען
אַבְשָׁלוֹם׳ס קְנֶעכְט אָנְגֶעצִינְדֶען זַיין
פֶעלְד מִיט פֵייעֶר׃
31 אוּנְד יוֹאָב אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין אַבְשָׁלוֹם׳ס
הוֹיז, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פַאר וָואס הָאבֶּען דֵיינֶע קְנֶעכְט מֵיין
פֶעלְד אָנְגֶעצִינְדֶען מִיט פֵייעֶר?
32 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט גֶעזָאגְט צוּ
יוֹאָב, זֶעה, אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, קוּם אַהֶער אַז אִיךְ
זָאל דִיךְ שִׁיקֶען צוּ דֶעם קֶענִיג צוּ
זָאגֶען, וַוארוּם בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען פוּן
גְשׁוּר? עֶס וֶוער בֶּעסֶער פַאר מִיר
דָאס אִיךְ הָעט נָאךְ דָארְט גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד אַצוּנְד לָאז מִיךְ זֶעהֶען דָאס פָּנִים
פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד וֶוען עֶס אִיז אַן
מִיר אַ זִינְד אַזוֹי זָאל עֶר מִיךְ טֵייטֶען׃
33 אוּנְד יוֹאָב אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם
קֶענִיג אוּנְד עֶר הָאט עֶס צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט עֶר גֶערוּפֶען דֶעם
אַבְשָׁלוֹם, אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
צוּ דֶעם מֶלֶךְ אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ צוּ
אִיהְם גֶעבִּיקְט מִיט זַיין פָּנִים צוּ דֶער
עֶרְד פַאר דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ
הָאט גֶעקִישְׁט דֶעם אַבְשָׁלוֹם׃

## קאפיטעל טו

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאכְדֶעם
אַזוֹי הָאט זִיךְ אַבְשָׁלוֹם גֶעמַאכְט רֵייטְ־
וָועגֶען אוּנְד פֶערְד, אוּנְד פוּפְצִיג מֶענֶער
זֶענֶען פַאר אִיהְם גֶעלָאפֶען׃
2 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם פְלֶעגְט פְרִיה אוֹיפְ־
שְׁטֵיין, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶער
זַייט פוּן דֶעם וֶועג פוּן דֶעם טְהָאר,
אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז אִיטְלִיכֶער
וָואס הָאט גֶעהַאט אַ שְׁטְרֵייט, אוּנְד
וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ צוּ
דֶעם מִשְׁפָּט אַזוֹי הָאט אִיהְם אַבְשָׁלוֹם
צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
פוּן וֶועלְכֶער שְׁטָאט בִּיזְט דוּא? אוּנְד
וֶוען עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֵיין קְנֶעכְט אִיז
פוּן אֵיינֶע (פוּן דִיא שְׁטֶעט) פוּן דִיא
שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל;
3 אַזוֹי הָאט אַבְשָׁלוֹם צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
זֶעה, דֵיינֶע זַאכֶען זֶענֶען גוּט אוּנְד
רֶעכְטְשַׁאפֶען, אָבֶּער עֶס אִיז קֵיינֶער
דָא פוּן דֶעם קֶענִיג וָואס זָאל דִיךְ
אוֹיסְהֶערֶען׃
4 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט (ווייטֶער) גֶע־
זָאגְט, וֶוער וָואלְט גֶעבֶּען אַז אִיךְ הֶעט
גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען אַלְס שׁוֹפֵט אִין דֶעם
לַאנְד! אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט אַ
שְׁטְרֵייט אוּנְד אַ מִשְׁפָּט מֶעכְט צוּ מִיר

גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָעט אִיךְ אִיהְם גֶערֶעכְט גֶעמַאכְט!

5 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַז וֶוען אִימֶעצֶער אִיז נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען זִיךְ צוּ אִיהְם צוּ בִּיקֶען, אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אָנְגֶענָאמֶען, אוּנְד אִיהְם גֶעקִישְׁט:

6 אוּנְד אַזוֹי הָאט אַבְשָׁלוֹם גֶעטְהוּן צוּ גַאנְץ יִשְׂרָאֵל וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ צוּ דֶעם מִשְׁפָּט; אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט גֶעגַנְבֶת דָאס הַארְץ פוּן דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל:

7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַן דֶעם עֶנְד פוּן פֶערְצִיג יָאהְר, אַזוֹי הָאט אַבְשָׁלוֹם גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לָאז מִיךְ גֵיין אוּנְד בֶּעצָאהְלֶען מֵיין נֶדֶר וָואס אִיךְ הָאבּ אַ נֶדֶר גֶעמַאכְט צוּ גָאט אִין חֶבְרוֹן!

8 וָוארִין דֵיין קְנֶעכְט הָאט אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעוְואוֹינְט אִין גְשׁוּר, אִין אֲרַם אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען גָאט וֶועט מִיךְ גֶעוִויס לָאזֶען צוּרִיקְ־קֶעהְרֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי וֶועל אִיךְ יְהוָֹה דִינֶען:

9 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא בְּשָׁלוֹם, אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ חֶבְרוֹן:

10 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט מְרַגְּלִים דוּרְךְ אַלֶע שְׁבָטִים אִין יִשְׂרָאֵל אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען אִיהְר וֶועט הֶערֶען דָאס קוֹל פוּן דֶעם שׁוֹפָר אַזוֹי זָאלְט אִיהְר זָאגֶען, אַבְשָׁלוֹם רֶעגִירְט אִין חֶבְרוֹן:

11 אוּנְד מִיט אַבְשָׁלוֹם זֶענֶען מִיטְגֶעגַאנְגֶען צְוַוייא הוּנְדֶערְט מַאן אוֹיס רוּשָׁלַיִם, זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גֶערוּפֶענֶע, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִין זֵיירֶע גַאנְצְקַייט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פוּן קֵיין שׁוּם זַאךְ נִיט גֶעוְואוּסְט:

12 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט גֶעשִׁיקְט נָאךְ דֶעם אֲחִיתוֹפֶל פוּן גִילֹה, דֶער עֵצָה גֶעבֶּער פוּן דָוִד, אוֹיס דֶער שְׁטָאט גִילֹה, וֶוען עֶר הָאט גֶעשָׁאכְטֶען דִיא קָרְבָּנוֹת, אוּנְד דֶער בּוּנְד (פוּן דֶער מְרִידָה) אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְק, אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעמֶעהְרְט מִיט אַבְשָׁלוֹם:

13 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַ מַגִּיד צוּ דָוִד אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַז דָאס הַארְץ פוּן אִיטְלִיכֶען מַאן פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז (נָאכְצוּגֵיין) נָאךְ אַבְשָׁלוֹם:

14 אַזוֹי הָאט דָוִד גֶעזָאגְט צוּ אַלֶע זַיינֶע קְנֶעכְט וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, שְׁטֵייט אוֹיף אוּנְד לָאמֶער אֶנְטְלוֹיפֶען, וָוארִין עֶס וֶועט פַאר אוּנְס נִיט זֵיין קֵיין אֶנְטְרִינוּנְג פַאר אַבְשָׁלוֹם; אֵיילְט אֵייךְ אַוֶועקְצוּגֵיין, טָאמֶער וֶועט עֶר זִיךְ אֵיילֶען אוּנְד אוּנְס דֶערְגְרֵייכֶען, אוּנְד אוֹיף אוּנְס דָאס בֵּייזֶע שְׁטוּיסֶען, אוּנְד וֶועט דִיא שְׁטָאט שְׁלָאגֶען מִיט דִיא שַׁארְפֶע פוּן דִיא שְׁוֶוערְט:

15 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, זֶעה, אִין אַלֶעם וָואס מֵיין הַאר דֶער מֶלֶךְ וֶועט אוֹיסְדֶערְוֵוייעֶלֶען (זֶענֶען מִיר) דֵיינֶע קְנֶעכְט:

16 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אוּנְד זַיין גַאנְץ הוֹיזְגֶעזִינְד זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ פוּס, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט פֶערְלָאזֶען דִיא צֶעהְן קֶעבְסְוַוייבֶּער דָאס הוֹיז צוּ הִיטֶען:

17 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אוּנְד דָאס גַאנְצֶע

פָאלְק זֶענֶען אַרויסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אִין אַ הויז
פוּן וֵוייטֶען׃
18 אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען
זֵיינֶע זֵייט אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אַלֶע
בּויגֶען־שִׁיסֶער אוּנְד שְׁלֵיידֶער וֶוער־
פֶערְס, אוּנְד אַלֶע (לֵייט) פוּן גַת, זֶעקְס
הוּנְדֶערְט מַאן וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען
אויס גַת צוּ פוּס, זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶע־
גַאנְגֶען פַאר דֶעם מֶלֶךְ׃
19 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעזָאגְט צוּ
אִתַּי אויס גַת, פַארְוָואס גֵייסְט דוּא
אויךְ מִיט אוּנְס? קֶעהְר צוּרִיק צוּ דֵיין
אָרְט אוּנְד בְּלֵייבּ מִיט דֶעם מֶלֶךְ,
וָוארִין דוּא בִּיזְט אַ פְרֶעמְדֶער, אוּנְד
בִּיזְט אַ פֶערְטְרִיבֶּענֶער׃
20 גֶעכְטֶען בִּיזְט דוּא עֶרְשְׁט אָנְגֶע־
קוּמֶען, אוּנְד זָאל אִיךְ דִיךְ הַיינְט
לָאזֶען מִיט אוּנְס אַרוּמְגֵיין? אִיךְ קָען
זֵיין אַוָואוּ אִיךְ וִויל אַהִינְגֵיין; קֶעהְר
דוּא צוּרִיק, אוּנְד נֶעם דֵיינֶע בְּרִידֶער
מִיט דִיר צוּרִיק, אוּנְד לָאז מִיט דִיר
זֵיין חֶסֶד אוּנְד וַואהְרְהֵייט׃
21 אוּנְד אִתַּי הָאט דֶעם מֶלֶךְ גֶע־
עֶנְטְפֶערְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, אַזוֹי וִויא גָאט
לֶעבְּט, אוּנְד אַזוֹי וִויא מֵיין הַאר דֶער
מֶלֶךְ לֶעבְּט, גֵייעֶרְט אִין וֶועלְכֶען אָרְט
אַוָואוּ מֵיין הַאר דֶער מֶלֶךְ וֶועט דָארְט
זֵיין–אוּם צוּ שְׁטֶערְבֶּען אָדֶער צוּ
לֶעבֶּען–דָארְט וֶועט דֵיין קְנֶעכְט אויךְ
זֵיין׃
22 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִתַּי,
גֵייא אוּנְד פָאהְר אִיבֶּער; אַזוֹי אִיז אִתַּי
הַגִּתִּי אִיבֶּערְגֶעפָאהְרֶען מִיט אַלֶע לֵייטֶע,
אוּנְד אַלֶעס קְלֵיינְגֶעזִינְד וָואס אִיז מִיט
אִיהְם גֶעוֶועזֶען׃
23 אוּנְד אַלֶע לֵייט פוּן דֶעם לַאנְד
הָאבֶּען גֶעוֵויינְט מִיט אַ גְרויס קוֹל,
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז אַרִיבֶּערְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אִיז אַרִיבֶּערְ־
גֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם טַייךְ קִדְרוֹן,
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז אַרִיבֶּערְ־
גֶעגַאנְגֶען אויף דֶעם וֶועג נָאךְ דֶער
מִדְבָּר צוּ׃
24 אוּנְד זֶעה, אויךְ צָדוֹק אוּנְד אַלֶע
לְוִיִּם מִיט אִיהְם הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען
דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם בְּרִית פוּן גָאט,
אוּנְד אֶבְיָתָר אִיז אַרויפְגֶעגַאנְגֶען בִּיז
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן דֶער שְׁטָאט
הָאט פֶערְלֶענְדְט אַרִיבֶּערְצוּגֵיין׃
25 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
צָדוֹק קֶעהְר צוּרִיק דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט
אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיין, וֶוען אִיךְ וֶועל
גֶעפִינֶען חֵן אִין דִיא אויגֶען פוּן גָאט
אַזוֹי וֶועט עֶר מִיךְ צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען אוּנְד
עֶר וֶועט מִיר וֵוייזֶען, בֵּיידֶעס אִיהְם
אוּנְד זֵיינֶע וְואוינוּנְג׃
26 אָבֶּער וֶוען עֶר וֶועט אַזוֹי זָאגֶען
אִיךְ הָאבּ קֵיינֶע לוּסְט אַן דִיר–זֶעה
אִיךְ בִּין אָנְגֶעבְּרֵייט–לָאז עֶר צוּ מִיר
טְהוּן וָואס אִיז וְואוילְגֶעפַאלֶען אִין
זֵיינֶע אויגֶען׃
27 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט וֵוייטֶער
גֶעזָאגְט צוּ צָדוֹק הַכֹּהֵן, בִּיזְט דוּא דֶער
זֶעהֶער? קֶעהְר דִיךְ צוּרִיק אִין דִיא
שְׁטָאט בְּשָׁלוֹם, אוּנְד דֵיינֶע צְוֵוייא זִיהְן
מִיט אֵייךְ, אֲחִימַעַץ אוּנְד יְהוֹנָתָן בֶּן
אֶבְיָתָר׃
28 זֶעהְט, אִיךְ וֶועל מִיךְ אויפְהַאלְטֶען
אִין דֶעם פְּלוֹין פוּן דֶער מִדְבָּר, בִּיז
עֶס וֶועט קוּמֶען אַ וָוארְט פוּן אֵייךְ
מִיר אָנְצוּזָאגֶען׃
29 אַזוֹי זֶענֶען צָדוֹק אוּנְד אֶבְיָתָר
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט מִיט דֶעם אָרוֹן פוּן

גָאט נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען :
30 אוּנְד דָוִד אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען בֵּייא
דֶעם אוֹיפְגַאנְג פוּן דֶעם הַר הַזֵיתִים,
וְויא עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען הָאט עֶר
גֶעוְויינְט, זֵיין קָאפּ וַואר בֶּעדֶעקְט,
אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען בַּארְפוּס, אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם
גֶעוֶועזֶען, אִיטְלִיכֶער הָאט בֶּעדֶעקְט זֵיין
קָאפּ, אוּנְד וְויא זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען זֵייא גֶעוְויינְט :
31 אוּנְד אֵיינֶער הָאט צוּ דָוִד דֶערְ־
צֵיילְט אוּנְד גֶעזָאגְט אַז אַחִיתוֹפֶל אִיז
צְוִוישֶׁען דִיא וָואס הָאבֶּען זִיךְ פֶערְ־
בּוּנְדֶען מִיט אַבְשָׁלוֹם (מוֹרֵד צוּ זֵיין),
אַזוֹי הָאט דָוִד גֶעזָאגְט, אָ יְהוָֹה, אִיךְ
בֶּעט דִיךְ פֶערְנַארִישׁ דִיא עֲצָה פוּן
אַחִיתוֹפֶל !
32 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז וֶוען דָוִד
אִיז אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶער שְׁפִּיץ אַזוֹי
הָאט עֶר זִיךְ דָארְט גֶעבִּיקְט צוּ גָאט,
אוּנְד זֶעה, חוּשַׁי הָאַרְכִּי אִיז אִיהְם
עֶנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען מִיט זֵיין רָאק
צוּרִיסֶען אוּנְד עֶרְד אוֹיף זֵיין קָאפּ :
33 אוּנְד דָוִד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וֶוען דוּא וֶועסְט צוּ מִיר אַרִיבֶּערְגֵיין
אַזוֹי וֶועסְט דוּא זֵיין צוּ מִיר אַ לַאסְט :
34 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט צוּרִיקְקֶעהְרֶען
אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיין אַזוֹי זָאלְסְט דוּא
זָאגֶען צוּ אַבְשָׁלוֹם, אִיךְ בִּין דֵיין קְנֶעכְט,
אָ קֶענִיג, אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען דֶער קְנֶעכְט
פוּן דֵיין פָאטֶער פוּן אַ לַאנְגֶע צֵייט
הֶער, אוּנְד אַצוּנְד בִּין אִיךְ דֵיין קְנֶעכְט,
אוּנְד דוּא וֶועסְט צֶערְשְׁטֶערֶען דִיא עֲצָה
פוּן אַחִיתוֹפֶל :
35 אוּנְד אִיז נִיט מִיט דִיר דָארְט
צָדוֹק אוּנְד אֶבְיָתָר, דִיא כֹּהֲנִים ? אוּנְד
עֶס וֶועט זֵיין אַז אִיטְלִיכֶע זַאךְ וָואס
דוּא וֶועסְט הֶערֶען אִין דֶעם מֶלֶךְ'ס
הוֹיז זָאלְסְט דוּא זָאגֶען צוּ צָדוֹק אוּנְד
צוּ אֶבְיָתָר דִיא כֹּהֲנִים :
36 זֶעה, דָארְטֶען זֶענֶען מִיט זֵייא
זֵייעֶרֶע צְווייא זִיהְן, אַחִימַעַץ צוּ צָדוֹק,
אוּנְד יְהוֹנָתָן צוּ אֶבְיָתָר, אוּנְד דוּרְךְ
זֵייא זָאלְט אִיהְר צוּ מִיר שִׁיקֶען אִיטְלִיכֶע
זַאךְ וָואס אִיהְר וֶועט הֶערֶען :
37 אוּנְד חוּשַׁי, דֶער חָבֵר פוּן דָוִד
אִיז גֶעקוּמֶען אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיין,
אוּנְד אַבְשָׁלוֹם אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם :

## קאפיטעל טז

1 אוּנְד דָוִד אִיז אַ בִּיסֶעל (ווייטֶער)
אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם שְׁפִּיץ
(בַּארְג,) אוּנְד זֶעה, צִיבָא, דֶער יוּנְג
פוּן מְפִיבֹשֶׁת אִיז אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען
גֶעקוּמֶען מִיט אַ פָּאר אָנְגֶעזַאטֶעלְטֶע
אֵייזֶעלְן, אוּנְד אוֹיף זֵייא אִיז גֶעוֶועזֶען
צְווייא הוּנְדֶערְט בְּרוֹיט אוּנְד הוּנְדֶערְט
הֶענְגְלֶעךְ רָאזְשִׁינְקֶעס, אוּנְד הוּנְדֶערְט
(פִּינְט) טְרוּקֶענֶע פֵייגֶען, אוּנְד אַ
לָאגֶעל וויין :
2 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
צִיבָא, וָואס אִיז דָאס דָאזִיגֶע בֵּייא
דִיר ? אַזוֹי הָאט צִיבָא גֶעזָאגְט, דִיא
אֵייזֶעלְן זֶענֶען פַאר דֶעם קֶענִיג'ס
הוֹיזְגֶעזִינְד אוֹיף זֵייא צוּ רֵייטֶען, אוּנְד
דָאס בְּרוֹיט אוּנְד דִיא גֶעטְרוּקֶענֶע
פֵּירוֹת זֶענֶען פַאר דִיא יוּנְגֶען צוּ עֶסֶען,
אוּנְד דֶער וויין צוּ טְרִינְקֶען פַאר דִיא
וָואס זֶענֶען מִיד אִין דֶער מִדְבָּר :
3 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט, אוּנְד
וְואוּ אִיז דֶער זוּהְן פוּן דֵיין הַאר ?
אוּנְד צִיבָא הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ,
זֶעה, עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין יְרוּשָׁלַיִם,

וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הַיינְט וֶועט
דָאס הױזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל צוּ מִיר
צוּרִיקְקֶעהְרֶען דָאס מַלְכוּת פוּן מֵיין
פָאטֶער׃
4 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
צִיבָא, זֶעה, אַלֶעס וָואס גֶעהֶערְט צוּ
מְפִיבוֹשֶׁת אִיז דֵיין, אַזוֹי הָאט צִיבָא
גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּיק מִיךְ,–אִיךְ הָאבּ גֶע־
פוּנֶען חֵן אִין דֵיינֶע אױגֶען אָ מֵיין
הַאר קֶענִיג׃
5 אוּנְד דָוִד הַמֶּלֶךְ אִיז אָנְגֶעקוּמֶען
בִּיז נָאךְ בַּחוּרִים, אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז
פוּן דָארְט אַרױסְגֶעגַאנְגֶען אַ מַאן פוּן
דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן שָׁאוּל׳ס הױזְגֶעזִינְד,
אוּנְד זֵיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶועזֶען שִׁמְעִי
זוּהְן פוּן גֵרָא, אוּנְד וִויא עֶר אִיז אַרױסְ־
גֶעגַאנְגֶען אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשָׁאלְטֶען׃
6 אוּנְד עֶר הָאט דָוִד בֶּעוָוארְפֶען מִיט
שְׁטֵיינֶער אוּנְד אױף אַלֶע קְנֶעכְט פוּן
דָוִד הַמֶּלֶךְ, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק,
אוּנְד אַלֶע שְׁטַארְקֶע הֶעלְדֶען זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען פוּן זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד
פוּן זֵיינֶער לִינְקֶען הַאנְד׃
7 אוּנְד אַזוֹי הָאט שִׁמְעִי גֶעזָאגְט וֶוען
עֶר הָאט אִיהְם גֶעשָׁאלְטֶען, קוּם אַרױס,
קוּם אַרױס, דוּא בְּלוּט־שוּלְדִיגֶער מַאן,
אוּנְד דוּא מַאן פוּן בְּלִיַּעַל׃
8 גָאט הָאט אִיבֶּער דִיר צוּרִיקְגֶע־
בְּרַאכְט דָאס גַאנְצֶע בְּלוּט פוּן דֶעם
הױז פוּן שָׁאוּל, וָואס דוּא רֶעגִירְסְט
אַנְשְׁטַאט אִיהְם, אוּנְד זֶעה, דוּא בִּיזְט
אִין דֵיין אוּמְגְלִיק, וָוארִין דוּא בִּיזְט אַ
בְּלוּט־שוּלְדִיגֶער מַאן׃
9 אוּנְד אֲבִישַׁי זוּהְן פוּן צְרוּיָה הָאט
גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, פַארְוָואס זָאל
דֶער דָאזִיגֶער טױטֶער הוּנְד שֶׁעלְטֶען
מֵיין הַאר דֶעם מֶלֶךְ? אִיךְ בֶּעט דִיךְ
לָאז מִיךְ דָאךְ אַרִיבֶּערְגֵיין אוּנְד אִיהְם
זֵיין קָאפּ אַרוּפְּנֶעמֶען׃
10 אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט,
וָואס הָאבּ אִיךְ מִיט אֵייךְ צוּ טְהוּן,
אִיהְר זִיהְן פוּן צְרוּיָה? לָאזְט אִיהְם
שֶׁעלְטֶען, וָוארִין גָאט הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, שִׁילְט דָוִד; אוּנְד וֶוער זָאל
זָאגֶען, פַארְוָואס הָאסְט דוּא אַזוֹי גֶעטְהוּן׃
11 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אֲבִישַׁי
אוּנְד צוּ אַלֶע זֵיינֶע קְנֶעכְט, זֶעהְט, מֵיין
זוּהְן וָואס אִיז אַרױסְגֶעקוּמֶען פוּן מֵיינֶע
גֶעדֶערְם זוּכְט מֵיין לֶעבֶּען צוּ נֶעמֶען,
אוּנְד מִכָּל שֶׁכֵּן נָאךְ אַצוּנְד דֶער זוּהְן
פוּן (שֵׁבֶט) בִּנְיָמִן; לָאזְט אִיהְם גֵיין,
לָאז עֶר שֶׁעלְטֶען, וָוארִין גָאט הָאט
אִיהְם גֶעהֵייסֶען׃
12 טָאמֶער וֶועט גָאט אָנְזֶעהֶען (דִיא
טְרֶערֶען) פוּן מֵיינֶע אױגֶען, אוּנְד גָאט
וֶועט מִיר אוּמְקֶעהְרֶען גוּטֶעס פַאר זֵיין
שֶׁעלְטֶען, דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃
13 אוּנְד וֶוען דָוִד אוּנְד זֵיינֶע מֶענֶער
זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אױף דֶעם וֶועג–אַזוֹי
אִיז שִׁמְעִי גֶעגַאנְגֶען אַן דֶער זֵייט פוּן
דֶעם בַּארְג נֶעבֶּען אִיהְם, וִויא עֶר אִיז
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶעשָׁאלְטֶען אוּנְד
עֶר הָאט אִיהְם נָאכְגֶעוָוארְפֶען שְׁטֵיינֶער,
אוּנְד בֶּעוָוארְפֶען מִיט שְׁטוֹיבּ׃
14 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע
פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען
אִיז מִידֶערְהֵייט אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ דָארְט דֶערְקְוִויקְט׃
15 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם אוּנְד דָאס גַאנְצֶע
פָאלְק, דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען
אָנְגֶעקוּמֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אֲחִיתוֹפֶל
אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען׃
16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז וֶוען
חוּשַׁי הָאַרְכִּי, דָוִד׳ס חָבֵר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען

צוּ אַבְשָׁלוֹם, אַזוֹי הָאט חוּשַׁי גֶעזָאגְט
צוּ אַבְשָׁלוֹם „דֶער קֶענִיג זָאל לֶעבֶּען !
דֶער קֶענִיג זָאל לֶעבֶּען״ :
17 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט גֶעזָאגְט צוּ
חוּשַׁי, אִיז דָאס דַיין חֶסֶד צוּ דַיין
חָבֵר ? פַאר וָואס בִּיזְט דוּא נִיט מִיטְ־
גֶעגַאנְגֶען מִיט דַיין חָבֵר ?
18 אַזוֹי הָאט חוּשַׁי גֶעזָאגְט צוּ
אַבְשָׁלוֹם, נֵיין ! גֵייעֶרְט דֶעם וָואס גָאט
הָאט אוֹיסְדֶערְוֶוײלְט אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע
פָאלְק, אוּנְד אַלֶע מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל,
צוּ אִיהְם וֶועל אִיךְ זַיין, אוּנְד בַּייא
אִיהְם וֶועל אִיךְ בְּלַייבֶּען :
19 אוּנְד צְוֵויטֶענְס, פַאר וֶועמֶען זָאל
אִיךְ דִינֶען ? זָאל עֶס נִיט זַיין פַאר זַיין
זוּהְן ? אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעדִינְט פַאר
דַיין פָאטֶער, אַזוֹי וֶועל אִיךְ זַיין פַאר
דִיר :
20 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אַחִיתוֹפֶל גֶעבּ אַן עֵצָה וָואס מִיר
זָאלֶען טְהוּן :
21 אוּנְד אַחִיתוֹפֶל הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אַבְשָׁלוֹם, קוּם אַרַיין צוּ דַיין פָאטֶערְ׳ס
קֶעבְּסוֵוייבֶּער וָואס עֶר הָאט גֶעלָאזְט
דָאס הוֹיז צוּ הִיטֶען ; אוּנְד וֶוען גַאנְץ
יִשְׂרָאֵל וֶועט הֶערֶען אַז דוּא הָאסְט דִיךְ
פֶערשְׁטִינְקֶען גֶעמַאכְט בַּייא דַיין פָא־
טֶער, אַזוֹי וֶועלֶען גֶעשְׁטַארְקְט וֶוערֶען
דִיא הֶענְד פוּן אַלֶע וָואס זֶענֶען מִיט
דִיר :
22 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט
צוּ אַבְשָׁלוֹם אַ גֶעצֶעלְט אוֹיף דֶעם
דַאךְ, אוּנְד אַבְשָׁלוֹם אִיז אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען
צוּ זַיין פָאטֶערְ׳ס קֶעבְּסוֵוייבֶּער, פַאר
דִיא אוֹיגֶען פוּן גַאנְץ יִשְׂרָאֵל :–
23 אוּנְד דִיא עֵצָה פוּן אַחִיתוֹפֶל,
וָואס עֶר הָאט אַן עֵצָה גֶעגֶעבֶּען אִין
דִיא דָאזִיגֶע טֶעג אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי
וִויא אֵיינֶער פְרֶעגְט אָן בַּייא גָאט,
אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא גַאנְצֶע עֵצָה פוּן
אַחִיתוֹפֶל, אוֹיךְ צוּ דָוִד אוּנְד אוֹיךְ צוּ
אַבְשָׁלוֹם :

## קאַפּיטעל יז

1 אוּנְד אַחִיתוֹפֶל הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אַבְשָׁלוֹם, אִיךְ וֶועל מִיר אוֹיסְקְלַייבֶּען
צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד מַאן, אוּנְד אִיךְ וֶועל
אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד דָוִד נָאכְיָאגֶען דִיא
דָאזִיגֶע נַאכְט :
2 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּער אִיהְם קוּמֶען
וֶוען עֶר אִיז מִיד אוּנְד שְׁוַואךְ, אוּנְד
אִיךְ וֶועל אִיהְם דֶערשְׁרֶעקֶען, אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס זֶענֶען מִיט
אִיהְם וֶועלֶען עֶנְטְלוֹיפֶען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל דֶעם מֶלֶךְ אַלֵיין דֶערשְׁלָאגֶען :
3 אוּנְד אִיךְ וֶועל דָאס גַאנְצֶע פָאלְק
צוּ דִיר צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען ; דֶעם מַאן וָואס
דוּא בֶּעגֶעהְרְסְט אִיז אַזוֹי גוּט וִויא
אַלֶע הֶעטֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק וֶועט זַיין אִין שָׁלוֹם מִיט
דִיר :
4 אוּנְד דִיא זַאךְ הָאט וָואוֹילְגֶעפָאלֶען
אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן אַבְשָׁלוֹם, אוּנְד אִין
דִיא אוֹיגֶען פוּן אַלֶע עֶלְצְטֶע פוּן
יִשְׂרָאֵל :
5 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ
בֶּעט דִיךְ, רוּף אוֹיךְ דֶעם חוּשַׁי הָאַרְכִּי,
אוּנְד לָאמֶער אוֹיךְ הֶערֶען וָואס עֶר
זָאגְט :
6 אַזוֹי אִיז חוּשַׁי גֶעקוּמֶען צוּ אַבְשָׁלוֹם,
אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען ; אוֹיף אַזוֹי אֵיין אוֹפֶן
הָאט אַחִיתוֹפֶל גֶערֶעט, זָאלֶען מִיר
טְהוּן נָאךְ זַיין וָוארְט ? וֶוען נִיט אַזוֹי
רֶעד דוּא :

7 אוּנְד חוּשַׁי הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַבְשָׁלוֹם,
דִיא עֵצָה וָואס אַחִיתוֹפֶל הָאט דָאס
דָאזִיגֶע מָאל אֵיין עֵצָה גֶעגֶעבֶּען אִיז
נִיט גוּט:
8 אוּנְד חוּשַׁי הָאט (וַוייטֶער) גֶעזָאגְט,
דוּא קֶענְסְט דָאךְ דֵיין פָאטֶער אוּנְד
זֵיינֶע מֶענֶער, דָאס זֵייא זֶענֶען גִבּוֹרִים,
אוּנְד דָאס זֵייא זֶענֶען עֶרְבִּיטֶערְט אִין
גֶעמִיט, אַזוֹי וִויא אַ בֶּער אוֹיף דֶעם
פֶעלְד וָואס אִיז בֶּערוֹיבְּט פוּן זֵיינֶע
יוּנְגֶען, אוּנְד אַז דֵיין פָאטֶער אִיז אַ
מִלְחָמָה מַאן, אוּנְד וִויל נִיט אִיבֶּערְ־
גֶעכְטִיגֶען מִיט דֶעם פָאלְק:
9 זֶעה, אַצוּנְד אִיז עֶר בֶּעהַאלְטֶען
אִין אֵיינֶע פוּן דִיא גְרִיבֶּער אָדֶער אִין
אֵיינֶעם פוּן דִיא עֶרְטֶער, אוּנְד עֶס
וֶועט זֵיין, וֶוען עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא וֶועלֶען
צוּ עֶרְשְׁט פַאלֶען, דָאס וֶוער עֶס וֶועט
עֶס הֶערֶען אַזוֹי וֶועט עֶר זָאגֶען אַז
עֶס אִיז אַ מַגֵּפָה אוּנְטֶער דֶעם פָאלְק
וָואס גֵייט נָאךְ אַבְשָׁלוֹם:
10 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אַז דֶער וָואס
אִיז שׁוֹין אַ (שְׁטַארְקֶער) חַיִל'ס מַאן,
וֶועלְכֶענְ'ס הַארְץ אִיז וִויא דָאס הַארְץ
פוּן אַ לֵייבּ, וֶועט עֶס אִיהְם אִים גַאנְצֶען
צֶערשְׁמֶעלְצֶען; וָוארִין גַאנְץ יִשְׂרָאֵל
ווייסְט אַז דֵיין פָאטֶער אִיז אַ גִבּוֹר,
אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם זֶענֶען
חַיִל'ס לֵייטֶע:
11 גֵייעֶרְט דָאס אִיז מֵיין עֵצָה, לָאז
צוּ דִיר אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶוערֶען גַאנְץ
יִשְׂרָאֵל פוּן דָן בִּיז נָאךְ בְּאֵר שָׁבַע,
אַזוֹי פִיל וִויא דֶער זַאנְד וָואס אִיז אוֹיף
דֶעם בָּארְטֶען פוּן יַם, אוּנְד דָאס דוּא
זָאלְסְט אַלֵיין (אוֹיךְ) גֵיין אִין דֶער
מִלְחָמָה אַרֵיין:
12 אוּנְד אַזוֹי וֶועלֶען מִיר קוּמֶען
אִיבֶּער אִיהְם אִין אֵיינֶעם פוּן דִיא
עֶרְטֶער אַזוֹי עֶר וֶועט גֶעפוּנֶען וֶוערֶען,
אוּנְד מִיר וֶועלֶען זִיךְ אִיבֶּער אִיהְם
לַאגֶערְן אַזוֹי וִויא דֶער טְהוֹי פַאלְט
אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶס וֶועט פוּן
אִיהְם אוּנְד פוּן אַלֶע מֶענֶער וָואס זֶענֶען
מִיט אִיהְם נִיט אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען אֵיין
אֵיינְצִיגֶער מַאן:
13 אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט זִיךְ אֵיינְזַאמֶעלְן
אִין אַ שְׁטָאט, אַזוֹי וֶועט גַאנְץ יִשְׂרָאֵל
בְּרֶענְגֶען שְׁטְרִיק צוּ דֶער זֶעלְבִּיגֶער
שְׁטָאט, אוּנְד מִיר וֶועלֶען (דִיא מוֹיעֶרֶען
דַאפוּן) אַרוּפשְׁלֶעפֶּען בִּיז אִין דֶעם
טֵייךְ אַרֵיין, בִּיז עֶס וֶועט דָארְט קֵיין
קְלֵיין שְׁטֵיינֶעלֶע גֶעפוּנֶען וֶוערֶען:
14 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם אוּנְד אַלֶע מֶענֶער
פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיא עֵצָה
פוּן חוּשַׁי הָאַרְכִּי אִיז בֶּעסֶער דֶען דִיא
עֵצָה פוּן אַחִיתוֹפֶל—וָוארִין גָאט הָאט
עֶס אַזוֹי בֶּעשְׁטִימְט צוּ צֶערשְׁטֶערֶען
דִיא גוּטֶע עֵצָה פוּן אַחִיתוֹפֶל, כְּדֵי אַז
גָאט זָאל בְּרֶענְגֶען שְׁלֶעכְטֶעס אִיבֶּער
אַבְשָׁלוֹם:
15 אוּנְד חוּשַׁי הָאט גֶעזָאגְט צוּ צָדוֹק
אוּנְד צוּ אֶבְיָתָר דִיא כֹּהֲנִים, אַזוֹי אוּנְד
אַזוֹי הָאט אַחִיתוֹפֶל אֵיין עֵצָה גֶעגֶעבֶּען
צוּ אַבְשָׁלוֹם אוּנְד צוּ דִיא עֶלְצְטֶע פוּן
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אַזוֹי אוּנְד אַזוֹי הָאבּ אִיךְ
אֵיין עֵצָה גֶעגֶעבֶּען:
16 אוּנְד אַצוּנְד שִׁיקְט גֶעשְׁווִינְד אַהִין
אוּנְד לָאז דָוִד אָנְזָאגֶען, דוּא זָאלְסְט
נִיט אִיבֶּערְגֶעכְטִיגֶען דִיזֶע נַאכְט אִין
דֶעם פְּלוֹין פוּן דֶער מִדְבָּר, גֵייעֶרְט
דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ אִיבֶּערְפָאהְרֶען, אַז
דֶער מֶלֶךְ אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק
וָואס אִיז מִיט אִיהְם זָאל נִיט פֶערְ־
שְׁלוּנְגֶען וֶוערֶען:

17 אוּנְד יְהוֹנָתָן אוּנְד אֲחִימַעַץ זֶענֶען
גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא עֵין־רוֹגֵל,--אַז זֵייא
זָאלֶען נִיט גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען אִין דִיא
שְׁטָאט אַרֵיינְצוּקוּמֶען,—אַזוֹי אִיז אַ
דִינְסְטמוֹיד אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט
עֶס צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען עֶס גֶע־
זָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ דָוִד:
18 אוּנְד אַ יוּנְג הָאט זֵייא גֶעזֶעהֶען,
אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעזָאגְט צוּ אַבְשָׁלוֹם,
אָבֶּער זֵייא זֶענֶען בֵּיידֶע גֶעשְׁווִינְד
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן אַ מַאן אִין
בַּחוּרִים, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט אַ
בְּרוּנֶען אִין זֵיין הוֹיף, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
דָארְט אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען:
19 אוּנְד דִיא פְרוֹי הָאט גֶענוּמֶען אַ
פָארְהַאנְג אוּנְד זִיא הָאט זִיא אוֹיסְ־
גֶעשְׁפְּרֵייט אִיבֶּער דֶעם בְּרוּנֶען, אוּנְד
זִיא הָאט דַארוֹיף אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט גֶע־
מָאלֶענֶעם וַוייץ, אוּנְד דִיא זַאךְ אִיז
נִיט גֶעוָואהְר גֶעוָוארֶען:
20 אוּנְד וֶוען דִיא קְנֶעכְט פוּן אַבְשָׁלוֹם
זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶער פְרוֹי אִין דֶעם
הוֹיז אַרֵיין הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, אַוְואוּ
זֶענֶען אֲחִימַעַץ אוּנְד יְהוֹנָתָן ? אוּנְד
דִיא פְרוֹי הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֵייא
זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם
וַואסֶער־שְׁטְרוֹים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זֵייא גֶעזוּכְט אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען זֵייא
נִיט גֶעפוּנֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען צוּרִיקְ־
גֶעקֶעהְרְט נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם:
21 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ זֵייעֶר
אַוֶועקְגֵיין זֶענֶען זֵייא אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען פוּן
דֶעם בְּרוּנֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַהִינְ־
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען עֶס אָנְגֶעזָאגְט
צוּ דֶעם מֶלֶךְ דָוִד; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד
גֵייא גֶעשְׁווִינְד אִיבֶּער דֶעם וַואסֶער,
וָוארִין אַזוֹי הָאט אֲחִיתוֹפֶל קֶעגֶען דִיר
אַיין עֵצָה גֶעגֶעבֶּען:
22 אוּנְד דָוִד אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס אִיז מִיט
אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן,
בִּיז צוּ דֶעם מָארְגֶענְלִיכְט הָאט קֵיין
אֵיינְצִיגֶער גֶעפֶעהְלְט פוּן דִיא וָואס
זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דֶעם יַרְדֵן:
23 אוּנְד וֶוען אֲחִיתוֹפֶל הָאט גֶעזֶעהֶען
אַז זֵיינֶע עֵצָה אִיז נִיט גֶעטְהוּן גֶעוָוא־
רֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאטֶעלְט זֵיין
אֵייזֶעל, אוּנְד אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
אִיז אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען צוּ זֵיינֶע שְׁטָאט,
אוּנְד עֶר הָאט אַ צַוָואָה גֶעלָאזְט צוּ
זֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
דֶערְוָוארְגֶען אוּנְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
אוּנְד עֶר אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען אִין
דֶעם קֶבֶר פוּן זֵיין פָאטֶער:
24 אוּנְד דָוִד אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ
מַחֲנָיִם, אוּנְד אַבְשָׁלוֹם אִיז אַרִיבֶּערְ־
גֶעגַאנְגֶען דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד אַלֶע מֶענֶער
פוּן יִשְׂרָאֵל מִיט אִיהְם:
25 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט גֶעמַאכְט דֶעם
עֲמָשָׂא אַלְס הוֹיפְּטְמַאן אַנְשְׁטָאט יוֹאָב
אִיבֶּער דֶעם חַיִל, אוּנְד עֲמָשָׂא אִיז
גֶעוֶועזֶען דֶער זוּהְן פוּן אַ מַאן וָואס
הָאט גֶעהֵייסֶען יִתְרָא הַיִשְׂרְאֵלִי, וָואס
אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צוּ אֲבִיגַיִל דִיא
טָאכְטֶער פוּן נָחָשׁ, שְׁוֶועסְטֶער פוּן
צְרוּיָה דִיא מוּטֶער פוּן יוֹאָב:
26 אוּנְד יִשְׂרָאֵל אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאבֶּען
זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אִין דֶעם לַאנְד גִלְעָד:
27 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז וֶוען דָוִד
אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ מַחֲנָיִם, אַזוֹי הָאט

שֹׁבִי בֶּן נָחָשׁ, אוּיס רַבַּת פוּן דִיא קִינְדֶער עַמוֹן, אוּנְד מָכִיר זוּהְן פוּן עַמִיאֵל, אוּיס לוֹא דְבָר, אוּנְד בַּרְזִלַי פוּן גִלְעָד אוּיס רוֹגְלִים׃

28 גֶעבְּרַאכְט בֶּעטְגֶעוַואנְד, אוּנְד בֶּעקֶען, אוּנְד עֶרְדֶענֶע כֵּלִים, אוּנְד וֵוייץ, אוּנְד גֶערְשְׁט, אוּנְד מֶעהְל, אוּנְד גֶעבְּרֶענְטֶע זַאנְגֶען, אוּנְד אַרְבֶּעסֶען, אוּנְד לִינְזֶען, אוּנְד גֶעטְרִיקֶענְטֶע זַאכֶען׃

29 אוּנְד הָאנִיג, אוּנְד פּוּטֶער, אוּנְד שָׁאף, אוּנְד קֶעזֶעלֶעךְ פוּן רִינְדֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶענֶעהְנְט צוּ דָוִד אוּנְד צוּ דֶעם פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען צוּ עֶסֶען, וָוארִין דָאס פָאלְק אִיז גֶעוֶועזֶען הוּנְגֶערִיג אוּנְד מִיד אוּנְד דוּרְשְׁטִיג אִין דֶער מִדְבָּר׃

קאפיטעל יח

1 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעצֵיילְט דָאס פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּער זֵייא גֶעמַאכְט הוֹיפְּטְלֵייט אִיבֶּער טוֹיזֶענְד אוּנְד הוֹיפְּטְלֵייט אִיבֶּער הוּנְדֶערְט׃

2 אוּנְד דָוִד הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט דָאס פָאלְק, אֵיין דְרִיטֶעל דוּרְךְ יוֹאָב, אוּנְד דְרִיטֶעל דוּרְךְ אַבִישַׁי בֶּן צְרוּיָה, יוֹאָב׳ס בְּרוּדֶער, אוּנְד אֵיין דְרִיטֶעל דוּרְךְ אִתַּי הַגִתִּי—אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, אִיךְ וֶועל אוֹיךְ אַרוֹיסְגֵיין מִיט אֵייךְ׃

3 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט אַרוֹיסְגֵיין, וָוארִין וֶוען מִיר עַנְטְלוֹיפֶען אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא זִיךְ גָארְנִיט דַארוֹיס מַאכֶען, אוּנְד וֶוען זֵייא וֶועלֶען דִיא הֶעלְפְט פוּן אוּנְס טֵייטֶען אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא זִיךְ אוֹיךְ גָארְנִיט דַארוֹיס מַאכֶען, אָבֶּער אַצוּנְד בִּיזְט דוּא אַזוֹי חָשׁוּב וִויא צֶעהְן טוֹיזֶענְט מַאן פוּן אוּנְס, אוּנְד אַצוּנְד אִיז עֶס בֶּעסֶער אַז דוּא זָאלְסְט צוּ אוּנְס זֵיין צוּ אַ הִילְף פוּן דֶער שְׁטָאט׃

4 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס אִיז גוּט אִין אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען דָאס וֶועל אִיךְ טְהוּן. אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער קֶענִיג גֶעשְׁטֶעלְט בֵּייא דֶער זֵייט פוּן דֶעם טְהָאר, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, צוּ הוּנְדֶערְטֶע אוּנְד צוּ טוֹיזֶענְדֶע׃

5 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט בֶּעפוֹילֶען דֶעם יוֹאָב, אוּנְד דֶעם אַבִישַׁי, אוּנְד דֶעם אִתַּי הַגִתִּי אַזוֹי צוּ זָאגֶען, הַאנְדֶעלְט פַאמֶעלֶעךְ מֵיינֶעטְוֶועגֶען מִיט דֶעם יוּנְג, מִיט אַבְשָׁלוֹם—אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט גֶעהֶערְט אַז דֶער מֶלֶךְ הָאט אַלֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע בֶּעפוֹילֶען וֶועגֶען אַבְשָׁלוֹם׃

6 אַזוֹי אִיז דָאס פָאלְק אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד קֶעגֶען יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דִיא מִלְחָמָה אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם וַואלְד אֶפְרַיִם׃

7 אוּנְד דָאס פָאלְק יִשְׂרָאֵל אִיז דָארְטֶען גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען פַאר דִיא קְנֶעכְט פוּן דָוִד, אוּנְד עֶס אִיז אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג דָארְט גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶע מַגֵפָה פוּן צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד מַאן׃

8 אוּנְד דִיא מִלְחָמָה אִיז דָארְט אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד, אוּנְד דִיא ווִילְדֶע חַיוֹת פוּן דֶעם וַואלְד הָאבֶּען מֶעהְר אוֹיפְגֶעפְרֶעסֶען פוּן דֶעם פָאלְק וִויא דָאס שְׁוֶוערְט הָאט פֶערְדָארְבֶּען אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג׃

9 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט אָנְגֶעטְרָאפֶען דִיא קְנֶעכְט פוּן דָוִד; אוּנְד אַבְשָׁלוֹם

הָאט גֶערִיטֶען אוֹיף אֵיין מוֹיל־אֵייזֶעל,
אוּנְד דֶער מוֹיל־אֵייזֶעל אִיז גֶעקוּמֶען
אוּנְטֶער דִיא צְוֵוייגֶען פוּן אַ גְרוֹיסֶען
לִינְדֶען־בּוֹים, אוּנְד זַיינֶע הָאר הָאבֶּען
אָנְגֶעהַאפְּט אַן דֶעם לִינְדֶען־בּוֹים, אוּנְד
עֶס הָאט אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען צְוִוישֶׁען
הִימֶעל אוּנְד עֶרְד, אוּנְד דֶער מוֹיל־
אֵייזֶעל וָואס אִיז אוּנְטֶער אִיהְם גֶעוֶועז־
עֶן אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען ׃
10 אוּנְד וֶוען אַ מַאן הָאט דָאס
גֶעזֶעהֶען הָאט עֶר עֶס דֶערְצֵיילְט צוּ
יוֹאָב, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ
הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַבְשָׁלוֹם הֶענְגֶען אוֹיף
אַ לִינְדֶען־בּוֹים ׃
11 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מַאן וָואס הָאט אִיהְם דָאס גֶעזָאגְט,
זֶעה, וַוארוּם הָאסְט דוּא אִיהְם נִיט
דָארְטֶען צוּ דֶער עֶרְד גֶעשְׁלָאגֶען וֶוען
דוּא הָאסְט אִיהְם גֶעזֶעהֶען? אוּנְד אִיךְ
וָואלְט דִיר גֶעגֶעבֶּען צֶעהְן שֶׁקֶל זִילְבֶּער,
אוּנְד אֵיין גַארְטֶעל ׃
12 אוּנְד דֶער מַאן הָאט גֶעזָאגְט צוּ
יוֹאָב, אַפִּילוּ וֶוען מֶען הֶעט אִין מַיינֶע
הֶענְד אָפְּגֶעוָואוֶוגֶען אַ טוֹיזֶענְד זִילְבֶּערְנֶע
שְׁקָלִים וָואלְט אִיךְ דָאךְ נִיט אוֹיסְ־
גֶעשְׁטְרֶעקְט מַיינֶע הַאנְד צוּ דֶעם
מֶלֶךְ'ס זוּהְן, וָוארִין מִיר הָאבֶּען גֶע־
הֶערְט מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹירֶען אַז דֶער
מֶלֶךְ הָאט דִיר אוּנְד דֶעם אַבִישַׁי אוּנְד
דֶעם אִתַּי גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
זַייט גֶעהִיט, וֶוער עֶס נוּר אִיז, מִיט
דֶעם יוּנְג, מִיט אַבְשָׁלוֹם ׃
13 אָדֶער זָאל אִיךְ אַן מַיין אֵייגֶען
לֶעבֶּען פַאלְשׁ זַיין? וָוארִין קֵיין שׁוּם
זַאךְ אִיז נִיט פֶערְהוֹילֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ,
אוּנְד דוּא אַלֵיין וָואלְסְט קֶעגֶען מִיר
גֶעשְׁטַאנֶען ׃
14 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ קֶען
מִיךְ נִיט מִיט דִיר אוֹיפְהַאלְטֶען; אוּנְד
עֶר הָאט גֶענוּמֶען דְרַייא שְׁפִּיז־רִיטֶען
אִין זַיינֶע הַאנְד אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
אַרַיינְגֶעשְׁטָאכֶען אִין דֶעם הַארְץ פוּן
אַבְשָׁלוֹם וֶוען עֶר הָאט נָאךְ גֶעלֶעבְּט
אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם לִינְדֶען־בּוֹים ׃
15 אוּנְד צֶעהְן יוּנְגֶען, דִיא גֶעוֶועהְר־
טְרֶעגֶער פוּן יוֹאָב הָאבֶּען אִיהְם אַרוּמְ־
גֶערִינְגֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶעם
אַבְשָׁלוֹם גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד אִיהְם גֶע־
טֵייטֶעט ׃
16 אוּנְד יוֹאָב הָאט שׁוֹפָר גֶעבְּלָאזֶען,
אַזוֹי הָאט זִיךְ דָאס פָאלְק אוּמְגֶעקֶעהְרְט
פוּן יִשְׂרָאֵל נָאכְצוּיָאגֶען, וָוארִין יוֹאָב
הָאט דָאס פָאלְק צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען ׃
17 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען דֶעם
אַבְשָׁלוֹם אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען אִין אַ גְרוֹיסֶע גְרוּבּ
אִין דֶעם וַואלְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיבֶּער אִיהְם אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אַ זֶעהְר
גְרוֹיסֶען הוֹיפֶען שְׁטֵיינֶער, אוּנְד גַאנְץ
יִשְׂרָאֵל אִיז אֶנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען, אִיטְ־
לִיכֶער צוּ זַיין גֶעצֶעלְט ׃
18 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם הָאט זִיךְ בֵּייא זַיין
לֶעבֶּען אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אַ מַצֵּבָה, וָואס
אִיז אִין דֶעם טְהָאל פוּן דֶעם מֶלֶךְ,
וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ
קֵיין זוּהְן וָואס וֶועט מַיין נָאמֶען גֶע־
דֶענְקֶען, אוּנְד עֶר הָאט דִיא מַצֵּבָה
גֶערוּפֶען נָאךְ זַיין נָאמֶען, אוּנְד מֶען
רוּפְט זִיא נָאךְ יַד אַבְשָׁלוֹם בִּיז צוּ
דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג ׃
19 אוּנְד אֲחִימַעַץ זוּהְן פוּן צָדוֹק הָאט
גֶעזָאגְט, אִיךְ וִויל נוּן לוֹיפֶען אוּנְד עֶס
אָנְזָאגֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אַז גָאט הָאט
אִיהְם פֶערְשַׁאפְט רֶעכְט פוּן זַיינֶע פֵיינְד ׃


אוּנְד

20 אוּנְד יוֹאָב הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דוּא בִּיזְט נִיט אַזוֹי אַ מַאן וָואס דוּא
זָאלְסְט דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג בְּשׂוֹרוֹת
זָאגֶען, אֵיין אַנְדֶערְן טָאג זָאלְסְט דוּא
בְּשׂוֹרוֹת אָנְזָאגֶען אָבֶּער דֶעם הֵיינְטִיגֶען
טָאג זָאלְסְט דוּא נִיט מְבַשֵּׂר זַיין, ווייל
דֶער מֶלֶךְ'ס זוּהְן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען:
21 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעזָאגְט צוּ כּוּשִׁי,
גֵייא אוּנְד זָאג צוּ דֶעם מֶלֶךְ וָואס דוּא
הָאסְט גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאט זִיךְ כּוּשִׁי
גֶעבִּיקְט צוּ יוֹאָב אוּנְד עֶר אִיז גֶעלָאפֶען:
22 אוּנְד אֲחִימַעַץ בֶּן צָדוֹק הָאט נָאךְ
אַ מָאל גֶעזָאגְט צוּ יוֹאָב, אִיךְ בֶּעט
דִיךְ לָאז מִיךְ אוֹיךְ לוֹיפֶען נָאךְ כּוּשִׁי,
אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעזָאגְט, וַוארוּם ווִילְסְט
דוּא לוֹיפֶען, מֵיין זוּהְן? וָוארִין דוּא וֶועסְט
דָאךְ קֵיין בְּשׂוֹרָה גֶעלְט בֶּעקוּמֶען:
23 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לָאז מִיךְ
לוֹיפֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, לוֹיף; אַזוֹי אִיז אֲחִימַעַץ גֶעלָאפֶען
אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶעם פְּלוֹין, אוּנְד
עֶר אִיז פַאר דֶעם כּוּשִׁי פָארְאִיבֶּער
גֶעלָאפֶען:
24 אוּנְד דָוִד אִיז גֶעזֶעסֶען צְווִישֶׁען
דִיא צְוֵויא טוֹיעֶרֶען, אוּנְד דֶער וֶועכְטֶער
אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם דַאךְ
פוּן דֶעם טוֹיעֶר צוּ דִיא מוֹיעֶר, אוּנְד
וֶוען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיינֶע
אוֹיגֶען אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען אַז אַ
מַאן לוֹיפְט אַלֵיין:
25 אוּנְד דֶער וֶועכְטֶער הָאט גֶערוּפֶען,
אוּנְד עֶר הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מֶלֶךְ, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט,
וֶוען עֶר אִיז אַלֵיין אַזוֹי הָאט עֶר אַ
בְּשׂוֹרָה אִין זֵיין מוֹיל, אוּנְד אַזוֹי ווִיא
עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִיז עֶר נָאהֶענְט
גֶעקוּמֶען:

26 אוּנְד וֶוען דֶער וֶועכְטֶער הָאט
גֶעזֶעהֶען אֵיין אַנְדֶערְן מַאן לוֹיפֶען,
אַזוֹי הָאט דֶער וֶועכְטֶער גֶערוּפֶען צוּ
דֶעם טוֹיעֶר הִיטֶער, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, זֶעה אַ מַאן לוֹיפְט אַלֵיין, אוּנְד
דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט, דֶער אִיז
אוֹיךְ אַ מְבַשֵּׂר:
27 אוּנְד דֶער וֶועכְטֶער הָאט גֶעזָאגְט,
אִיךְ דֶענְק אַז דֶער וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען צוּעֶרְשְׁט לוֹיפֶען, אִיז ווִיא
דָאס לוֹיפֶען פוּן אֲחִימַעַץ זוּהְן פוּן
צָדוֹק, אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעזָאגְט,
עֶר אִיז אַ גוּטֶער מַאן, אוּנְד עֶר קוּמְט
מִיט אַ גוּטֶע בְּשׂוֹרָה:
28 אוּנְד אֲחִימַעַץ הָאט גֶערוּפֶען אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, שָׁלוֹם,
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶעם
מֶלֶךְ מִיט זֵיין פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט אִיז
יְהֹוָה דֵיין גָאט וָואס הָאט אִיבֶּערְגֶע־
עֶנְטְפֶערְט דִיא מֶענֶער וָואס הָאבֶּען
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶרֶע הֶענְד קֶעגֶען מֵיין
הַאר דֶעם מֶלֶךְ:
29 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט, אִיז
שָׁלוֹם צוּ דֶעם יוּנְג, צוּ אַבְשָׁלוֹם?
אוּנְד אֲחִימַעַץ הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען יוֹאָב
הָאט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט דֶעם מֶלֶךְ'ס קְנֶעכְט
אוּנְד מִיךְ דֵיין קְנֶעכְט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ
גֶעזֶעהֶען אַ גְרוֹיס גֶעטוּמֶעל, אָבֶּער
אִיךְ ווֵיים נִיט וָואס עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען:
30 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט,
קֶעהְר דִיךְ אָפּ אוּנְד שְׁטֶעל דִיךְ דָא,
אַזוֹי הָאט עֶר אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט אוּנְד
אִיז שְׁטִיל גֶעשְׁטַאנֶען:
31 אוּנְד זֶעה, דֶער כּוּשִׁי אִיז אָנְ־
גֶעקוּמֶען, אוּנְד דֶער כּוּשִׁי הָאט גֶעזָאגְט,
עֶס אִיז אַ בְּשׂוֹרָה, מֵיין הַאר מֶלֶךְ,


ווארין

וָוארִין גָאט הָאט דִיךְ הַיינְט גֶעמִשְׁפָּט (אָדֶער הָאט דִיךְ מַצִיל גֶעוֶועזֶען) פוּן דֶער הַאנְד פוּן אַלֶע וָואס זֶענֶען קֶעגֶען דִיר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען׃

32 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם כּוּשִׁי, אִיז שָׁלוֹם צוּ דֶעם יוּנְג, צוּ אַבְשָׁלוֹם? אוּנְד דֶער כּוּשִׁי הָאט גֶעזָאגְט, דִיא פֵיינְד פוּן דֶעם מֶלֶךְ אוּנְד אַלֶע וָואס שְׁטֵייעֶן אוֹיף קֶעגֶען דִיר צוּ דֶעם בֵּייזֶען זָאלֶען זַיין אַזוֹי וִויא דֶער יוּנְג׃

## קאפיטעל יט

1 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעצִיטֶערְט, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם חֶדֶר וָואס אִיז אִיבֶּער דֶעם טוֹיעֶר אוּנְד עֶר הָאט גֶעוֵויינְט, אוּנְד וִויא עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען הָאט עֶר אַזוֹי גֶעזָאגְט, מֵיין זוּהְן אַבְשָׁלוֹם! מֵיין זוּהְן אַבְשָׁלוֹם! הַאלְוַאי הֶעט אִיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען אַן דֵיינֶער שְׁטֶעל, אוֹי, אַבְשָׁלוֹם מֵיין זוּהְן! מֵיין זוּהְן!

2 אוּנְד מֶען הָאט עֶס גֶעזָאגְט צוּ יוֹאָב, זֶעה דֶער מֶלֶךְ וֵויינְט אוּנְד טְרוֹיעֶרְט וֶועגֶען אַבְשָׁלוֹם׃

3 אוּנְד דִיא הִילְף אִיז אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק צוּ אַ טְרוֹיעֶר, וָוארִין דָאס פָאלְק הָאט דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעהֶערְט זָאגֶען אַז דֶער מֶלֶךְ טְרוֹיעֶרְט וֶועגֶען זַיין זוּהְן׃

4 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אַרֵיינְגֶעגַנְבֶת אִין דִיא שְׁטָאט צוּ קוּמֶען גְרָאד אַזוֹי וִויא אַ פָאלְק פֶערְגַנְבֶת זִיךְ וָואס אִיז פֶערְשֶׁעמְט וֶוען זַייא אֶנְטְלוֹיפֶען פוּן דֶער מִלְחָמָה׃

5 אָבֶּער דֶער מֶלֶךְ הָאט בֶּעדֶעקְט זַיין פָּנִים, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶע־שְׁרִיעֶן מִיט אַ גְרוֹיס קוֹל, אָ מֵיין זוּהְן אַבְשָׁלוֹם! אָ אַבְשָׁלוֹם מֵיין זוּהְן, מֵיין זוּהְן!

6 אוּנְד יוֹאָב אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם מֶלֶךְ'ס הוֹיז, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט הַיינְט בֶּעשֶׁעמְט דָאס פָּנִים פוּן אַלֶע דֵיינֶע קְנֶעכְט, וָואס הָאבֶּען הַיינְט דֵיין נֶפֶשׁ מַצִיל גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דָאס נֶפֶשׁ פוּן דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער, אוּנְד דָאס נֶפֶשׁ פוּן דֵיינֶע וֵוייבֶּער אוּנְד קֶעבְסְוֵוייבֶּער׃

7 אוּם לִיבּ צוּ הָאבֶּען דֵיינֶע פֵיינְד אוּנְד צוּ הַאסֶען דֵיינֶע פְרֵיינְד, וָוארִין דוּא הָאסְט הַיינְט דַאמִיט גֶעצֵייגְט דָאס דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אוּנְד דִיא קְנֶעכְט זֶענֶען גָארְנִישְׁט צוּ דִיר, דֶען הַיינְט ווֵייס אִיךְ, אַז וֶוען אַבְשָׁלוֹם הֶעט גֶע־לֶעבְּט אוּנְד מִיר אַלֶע וֶוערֶען הַיינְט גֶעשְׁטָארְבֶּען, דַאמַאלְס הֶעט עֶס רֶעכְט גֶעוֶועזֶען אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען׃

8 אָבֶּער אַצוּנְד שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד גֵייא אַרוֹיס, אוּנְד רֶעד צוּ דֶעם הַארְץ פוּן דֵיינֶע קְנֶעכְט, וָוארִין אִיךְ שְׁוֶוער דִיר בַּייא גָאט, וֶוען דוּא גֵייסְט נִיט אַרוֹיס, אוֹיבּ עֶס וֶועט מִיט דִיר דִיזֶע נַאכְט אַ מַאן אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען; אוּנְד דָאס וֶועט צוּ דִיר פִיל שְׁלֶעכְטֶער זַיין וִויא אַלֶעם בֵּייזֶע וָואס אִיז אִיבֶּער דִיר גֶעקוּמֶען פוּן דֵיינֶער יוּגֶענְד אָן בִּיז יֶעצְט׃

9 אַזוֹי אִיז דֶער מֶלֶךְ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט בַּייא דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד מֶען הָאט דָאס דֶערְצֵיילְט צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֶעה, דֶער מֶלֶךְ זִיצְט בַּייא דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז גֶעקוּמֶען פַאר דֶעם מֶלֶךְ, וָוארִין

יִשְׂרָאֵל אִיז עֶנְטְלָאפֶען אִיטְלִיכֶער צוּ
זַיין גֶעצֶעלְט׃
10 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז גֶע־
װֶעזֶען אִין דֶעם שְׁטְרֵייט אִין אַלֶע
שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
דֶער מֶלֶךְ הָאט אוּנְז מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן
דֶער הַאנְד פוּן אוּנְזֶערֶע פֵיינְד, אוּנְד
עֶר הָאט אוּנְס (אוֹיךְ) גֶעמַאכְט
עֶנְטְרִינֶען פוּן דִיא הַאנְד פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד אַצוּנְד אִיז עֶר עֶנְטְלָא־
פֶען פוּן דֶעם לַאנְד פוּן װֶעגֶען
אַבְשָׁלוֹם׃
11 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם וָואס מִיר הָאבֶּען
אִיהְם גֶעזַאלְבְּט אִיבֶּער אוּנְס אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין דֶער מִלְחָמָה; אָבֶּער
אַצוּנְד פַאר וָואס שְׁוַוייגְט אִיהְר אוּם
צוּרִיק צוּ בְּרֶענְגֶען דֶעם מֶלֶךְ׃
12 אוּנְד דָוִד הַמֶלֶךְ הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט
צוּ צָדוֹק אוּנְד צוּ אֶבְיָתָר, דִיא כֹּהֲנִים,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, רֶעט צוּ דִיא עֶלְצְטֶע
פוּן יְהוּדָה אַזוֹי צוּ זָאגֶען, פַארְוָואס
זָאלְט אִיהְר זַיין דִיא לֶעצְטֶע דֶעם מֶלֶךְ
צוּרִיק צוּ בְּרֶענְגֶען צוּ זַיין הויז? אוּנְד
דָאס וָוארְט פוּן גַאנְץ יִשְׂרָאֵל אִיז גֶע־
קוּמֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ, בִּיז צוּ זַיין הויז׃
13 אִיהְר זַייט דָאךְ מֵיינֶע בְּרִידֶער,
אִיהְר זַייט דָאךְ מֵיין בֵּיין אוּנְד מֵיין
פְלֵיישׁ; פַארְוָואס זָאלְט אִיהְר זַיין דִיא
לֶעצְטֶע אוּם דֶעם מֶלֶךְ צוּרִיק צוּ
בְּרֶענְגֶען?
14 אוּנְד צוּ עֲמָשָׂא זָאלְט אִיהְר זָאגֶען,
בִּיזְט דוּא נִיט מֵיין בֵּיין אוּנְד מֵיין
פְלֵיישׁ? גָאט זָאל מִיר אַזוֹי טְהוּן, אוּנְד
נָאךְ מֶעהְר, וֶוען דוּא װֶעסְט נִיט זַיין
אַ הוֹיפְּטְמַאן אִיבֶּער דֶעם חַיִל פַאר
מִיר אַלֶע צַייט אַנְשְׁטַאט יוֹאָב׃
15 אוּנְד עֶר הָאט גֶענֵייגְט דָאס
הַארְץ פוּן אִיטְלִיכֶען מַאן פוּן יְהוּדָה,
אַזוֹי וִויא אֵיין מַאן, דָאס זֵייא הָאבֶּען
אַהִינְגֶעשִׁיקְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, (צוּ זָאגֶען)
קֶעהְר דִיךְ אוּם אוּנְד אַלֶע דֵיינֶע
קְנֶעכְט׃
16 אַזוֹי אִיז דֶער מֶלֶךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט
אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֶעם
יַרְדֵן, אוּנְד יְהוּדָה אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ
גִלְגָל, אוּם דֶעם מֶלֶךְ עֶנְטְגֶעגֶען צוּ
גֵיין, אוּנְד דֶעם מֶלֶךְ אַרִיבֶּערְצוּפִיהְרֶען
אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן׃
17 אוּנְד שִׁמְעִי זוּהְן פוּן גֵרָא, פוּן
שֵׁבֶט בִּנְיָמִין וָואס וַואר אוֹיס בַּחוּרִים,
הָאט זִיךְ גֶעאֵיילְט אוּנְד עֶר אִיז
אַרוּנְטֶערְגֶעקוּמֶען מִיט דִיא מֶענֶער פוּן
יְהוּדָה עֶנְטְגֶעגֶען צוּ גֵיין דֶעם מֶלֶךְ
דָוִד׃
18 אוּנְד עֶס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶע־
וֶועזֶען אַ טוֹיזֶענְד מַאן פוּן שֵׁבֶט
בִּנְיָמִין, אוּנְד צִיבָא, דֶער יוּנְג פוּן דֶעם
הויזְגֶעזִינְד פוּן שָׁאוּל, אוּנְד זֵיינֶע
פוּפְצֶעהְן זִיהְן אוּנְד זֵיינֶע צְוַואנְצִיג
קְנֶעכְט זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעפָאהְרֶען
דֶעם יַרְדֵן פַאר דֶעם מֶלֶךְ׃
19 אוּנְד עֶס אִיז אַרִיבֶּערְגֶענַאנְגֶען אַ
שִׁיף אוּם אַרִיבֶּער צוּ בְּרֶענְגֶען דֶעם
מֶלֶךְ'ס הויזְגֶעזִינְד, אוּנְד צוּ טְהוּן וָואס
אִיז וואוֹילְגֶעפַאלֶען אִין זֵיינֶע אוֹיגֶען;
אוּנְד שִׁמְעִי זוּהְן פוּן גֵרָא אִיז אַנִידֶערְ־
גֶעפַאלֶען פַאר דֶעם מֶלֶךְ בֵּייא דֶער
אִיבֶּערְפָארְט פוּן דֶעם יַרְדֵן׃
20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מֶלֶךְ, לָאז מֵיין הַאר מִיר נִיט צוּרֶעכְנֶען
דִיא זִינְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט גֶעדֶענְ־
קֶען דָאס אוּמְרֶעכְט פוּן דֵיין קְנֶעכְט, אַן
דֶעם טָאג וָואס מֵיין הַאר דֶער מֶלֶךְ

אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
לָאז עֶס דֶער מֶלֶךְ נִיט צוּ הַארֶץ
לֵייגֶען:
21 וָוארִין דֵיין קְנֶעכְט ווייסְט אַז אִיךְ
הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט, דַארוּם זֶעה אִיךְ בִּין
הַיינְט צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם
גַאנְצֶען הויזְגֶעזִינְד פוּן יוֹסֵף אַרוּפְּ־
צוּקוּמֶען עֶנְטְקֶעגֶען צוּ גֵיין צוּ מֵיין
הַאר מֶלֶךְ:
22 אוּנְד אַבִישַׁי, זוּהְן פוּן צְרוּיָה הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, זָאל נִיט
שִׁמְעִי פַאר דֶעם גֶעטֵייט װֶוערֶען, ווייל
עֶר הָאט גֶעשָׁאלְטֶען דֶעם גֶעזַאלְבְּטֶען
פוּן יְהוָֹה?
23 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט, וָואס
הָאבּ אִיךְ מִיט אֵייךְ צוּ טְהוּן, אִיהְר
זִיהְן פוּן צְרוּיָה, אַז אִיהְר זָאלְט צוּ
מִיר הַיינְט זַיין אַלְס אַ שָׂטָן? זָאל דֶען
הַיינְט אַ מַאן אִין יִשְׂרָאֵל גֶעטֵייט װֶוער־
רֶען? ווייס אִיךְ דֶען נִיט אַז אִיךְ בִּין
הַיינְט אַ מֶלֶךְ אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל?
24 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
שִׁמְעִי, דוּא זָאלְסְט נִיט גֶעטֵייט װֶוערֶען,
אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ אִיהְם
גֶעשְׁוָוארֶען:
25 אוּנְד מְפִיבֹשֶׁת, זוּהְן פוּן שָׁאוּל אִיז
אַרוּפְּגֶעקוּמֶען דֶעם מֶלֶךְ עֶנְטְקֶעגֶען,
אָבֶּער עֶר הָאט נִיט אָנְגֶעבְּרֵייט זֵיינֶע
פִים אוּנְד עֶר הָאט אויךְ נִיט אָפְּגֶע־
שָׁארֶען זֵיין בָּארְט, אוּנְד עֶר הָאט אויךְ
נִיט גֶעווַאשֶׁען זֵיינֶע קְלֵיידֶער פוּן דֶעם
טָאג אָן װֶוען דֶער מֶלֶךְ אִיז אַװֶועקְגֶע־
גַאנְגֶען בִּיז צוּ דֶעם טָאג װֶוען עֶר אִיז
צוּרִיקְגֶעקוּמֶען בְּשָׁלוֹם:
26 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶועזֶען װֶוען עֶר
אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם צוּ בֶּעגֶעגְנֶען
דֶעם מֶלֶךְ, אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט וַוארוּם בִּיזְט דוּא נִיט
מִיט מִיר גֶעגַאנְגֶען, מְפִבֹשֶׁת?
27 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין הַאר
קֶענִיג, מֵיין קְנֶעכְט הָאט מִיךְ גֶענַארְט,
וָוארִין דֵיין קְנֶעכְט הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ
װֶועל מִיר זָאטֶעלְן אַיין אֵייזֶעל, אוּנְד
װֶועל אוֹיף אִיהְר רֵייטֶען, אוּנְד גֵיין צוּ
דֶעם מֶלֶךְ, ווייל דֵיין קְנֶעכְט אִיז אַ
לָאמֶער:
28 אוּנְד עֶר הָאט רְכִילוּת גֶעזָאגְט
אוֹיף דֵיין קְנֶעכְט צוּ מֵיין הַאר דֶעם
מֶלֶךְ, אָבֶּער מֵיין הַאר דֶער מֶלֶךְ אִיז
וִויא אַ מַלְאָךְ פוּן גָאט, טְהוּא דָאךְ
וָואס אִיז גוּט אִין דֵיינֶע אויגֶען:
29 וָוארִין אַלֶע אִין מֵיין גַאנְצֶען
פָאטֶער'ס הויזְגֶעזִינְד זֶענֶען נָאר חַיָיב
מִיתָה צוּ מֵיין הַאר דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד
דָאךְ הָאסְט דוּא דֵיין קְנֶעכְט גֶעמַאכְט
עֶסֶען פוּן דֵיין טִישׁ, אוּנְד וָואס פַאר אַ
רֶעכְט הָאבּ אִיךְ נָאךְ צוּ שְׁרֵייעֶן צוּ
דֶעם מֶלֶךְ:
30 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, פַארְוָואס רֶעטְסְט דוּא נָאךְ
װֶועגֶען דֵיינֶע זַאכֶען? אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט
אַז דוּא אוּנְד צִיבָא אִיהְר זָאלְט אֵייךְ
טֵיילֶען דָאס לַאנְד
31 אוּנְד מְפִיבֹשֶׁת הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דֶעם מֶלֶךְ, לָאז אִיהְם דָאךְ דָאס
גַאנְצֶע נֶעמֶען, וָוארִין ווייל מֵיין הַאר
דֶער מֶלֶךְ אִיז גֶעקוּמֶען בְּשָׁלוֹם צוּ
זֵיין הויז:
32 אוּנְד בַּרְזִלַי פוּן גִלְעָד אִיז אַרוּפְּ־
גֶעקוּמֶען פוּן רוֹגְלִים, אוּנְד עֶר אִיז
מִיט דֶעם מֶלֶךְ אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער
דֶעם יַרְדֵן, אִיהְם צוּ בֶּעגְלֵייטֶען
אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן:
33 אוּנְד בַּרְזִילַי אִיז גֶעװֶועזֶען זֶעהְר

אַלְט,—עֶר אִיז אַכְטְצִיג יָאהְר אַלְט
גֶעוֶועזֶען—אוּנְד עֶר הָאט דֶעם מֶלֶךְ
גֶעשְׁפֵּייזְט וֶוען עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין
מַחֲנָיִם, וָוארִין עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ
זֶעהְר גְרוֹיסֶער מַאן :
34 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעזָאגְט צוּ
בַּרְזִלַי קוּם דוּא אַרִיבֶּער מִיט מִיר,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט בֵּייא מִיר גֶעשְׁפֵּייזְט
וֶוערֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם :
35 אוּנְד בַּרְזִלַי הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מֶלֶךְ, וִויא פִיל יָאהְר הָאבּ אִיךְ דֶען
נָאךְ צוּ לֶעבֶּען, אַז אִיךְ זָאל אַרוֹיף
גֵיין מִיט דֶעם מֶלֶךְ נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם ?
36 אִיךְ בִּין הַיינְט אַכְטְצִיג יָאהְר
אַלְט, אוּנְד זָאל אִיךְ נָאךְ וִויסֶען
צְווִישֶׁען גוּטֶעס אוּנְד שְׁלֶעכְטֶעס ?
אָדֶער וֵוייס אִיךְ דֶען דֶעם טַעַם וָואס
אִיךְ וֶועל עֶסֶען אָדֶער טְרִינְקֶען ?
אָדֶער קֶען אִיךְ נָאךְ הֶערֶען דָאס קוֹל
פוּן דִיא זִינְגֶערְס אוּנְד זִינְגֶערִינְס ?
אוּנְד פַאר וָואס זָאל דֶען דֵיין קְנֶעכְט
זֵיין אַ לַאסְט צוּ מֵיין הַאר דֶעם מֶלֶךְ ?
37 דֵיין קְנֶעכְט וֶועט נָאר מִיט דֶעם
מֶלֶךְ אַרִיבֶּער גֵיין אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן אַ
שְׁטִיקֶעל וֶועג, אוּנְד פַאר וָואס זָאל
מִיר דֶער מֶלֶךְ בֶּעצוֹלֶען מִיט אַזַא
שְׂכַר ?
38 לָאז דָאךְ דֵיין קְנֶעכְט צוּרִיקְגֵיין
אַז אִיךְ זָאל שְׁטַארְבֶּען אִין מֵיינֶע
שְׁטָאט, אוּנְד בֶּעגְרָאבֶּען וֶוערֶען אִין
דֶעם קֶבֶר פוּן מֵיין פָאטֶער אוּנְד
מוּטֶער, אָבֶּער זֶעה דֵיין קְנֶעכְט כִּמְהָם,
לָאז עֶר אַרִיבֶּערְגֵיין מִיט מֵיין הַאר
דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד טְהוּא צוּ אִיהְם וָואס
אִיז גוּט אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען :
39 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט,
כִּמְהָם זָאל מִיט מִיר אַרִיבֶּערְגֵיין, אוּנְד
אִיךְ וֶועל טְהוּן וָואס אִיז גוּט אִין
דֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד אַלֶעס וָואס דוּא
וֶועסְט דִיר אוֹיסְדֶערְוֵוילֶען וֶועל אִיךְ
צוּ דִיר טְהוּן :
40 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז
אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד וֶוען
דֶער מֶלֶךְ אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי
הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעקִישְׁט דֶעם בַּרְזִלַי,
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנְד
עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען צוּ זֵיין אָרְט :
41 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אִיז אַרִיבֶּערְגֶע־
גַאנְגֶען נָאךְ גִלְגָל, אוּנְד כִּמְהָם אִיז מִיט
אִיהְם אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק יְהוּדָה הָאט אַרִיבֶּערְ־
גֶעבְּרַאכְט דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד אוֹיךְ דָאס
הַאלְבֶּע פָאלְק פוּן יִשְׂרָאֵל :
42 אוּנְד זֶעה אַלֶע מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ,
פַארְוָואס הָאבֶּען דִיךְ אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער,
דִיא מֶענֶער פוּן יְהוּדָה אַוֶועק גֶעגַנְבֶת,
אוּנְד הָאבֶּען אַרִיבֶּערְגֶעפִיהְרְט דֶעם
מֶלֶךְ אוּנְד זֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד אִיבֶּער דֶעם
יַרְדֵן, אוּנְד אַלֶע מֶענֶער פוּן דָוִד מִיט
אִיהְם ?
43 אוּנְד אַלֶע מֶענֶער פוּן יְהוּדָה
הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּ דִיא מֶענֶער
פוּן יִשְׂרָאֵל, וֵוייל דֶער מֶלֶךְ אִיז אַ
קָרוֹב צוּ מִיר, אָבֶּער וַוארוּם גְרִימְט
עֶס דִיךְ אִיבֶּער דֶער דָאזִיגֶער זַאךְ ?
הָאבֶּען מִיר דֶען גֶעגֶעסֶען אוֹיף דֶעם
מֶלֶךְ'ס קָאסְטֶען ? אָדֶער הָאט עֶר
אוּנְס גֶעגֶעבֶּען מַתָּנוֹת ?
44 אַזוֹי הַאבֶּען דִיא מֶענֶער פוּן
יִשְׂרָאֵל גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּ דִיא מֶענֶער
פוּן יְהוּדָה, אוּנְד גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען
צֶעהְן חֲלָקִים אִין דֶעם מַלְכוּת, אוּנְד

מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ מֶעהָר רֶעכְט אִין
דָוִד דֶען אִיהָר, אוּנְד וַוארוּם הָאט
אִיהָר אוּנְס לֵייכְט גֶעהַאלְטֶען, אַז אִיהָר
הָאט נִיט אוּנְזֶערֶע עֵצָה צוּ עֶרשְׁט
גֶענוּמֶען אוּם אוּנְזֶער מֶלֶךְ צוּרִיק צוּ
בְּרֶענְגֶען? אוּנְד דִיא וֶוערְטֶער פוּן
דִיא מֶענֶער פוּן יְהוּדָה זֶענֶען שְׁטַארְ־
קֶער גֶעוֶועזֶען וִויא דִיא וֶוערְטֶער פוּן
דִיא מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל:

## קאפּיטעל כ

1 אוּנְד עֶס הָאט זִיךְ דָארְטֶען גֶעטְ־
רָאפֶען אַ שְׁלֶעכְטֶער מַאן, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעהֵייסֶען שֶׁבַע זוּהְן פוּן בִּכְרִי,
פוּן שֵׁבֶט בִּנְיָמִן, אוּנְד עֶר הָאט שׁוֹפָר
גֶעבְּלָאזֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, מִיר
הָאבֶּען קֵיין חֵלֶק אִין דָוִד, אוּנְד עֶס
אִיז נִיט דָא צוּ אוּנְס אַ נַחֲלָה אִין דֶעם
זוּהְן פוּן יִשַׁי, גֵייט אִיטְלִיכֶער צוּ זַיין
גֶעצֶעלְט, אָ אִיהָר יִשְׂרָאֵל!
2 אַזוֹי אִיז אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן יִשְׂרָאֵל
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן הִינְטֶער דָוִד, אוּנְד
אִיז נָאכְגֶעגַאנְגֶען שֶׁבַע זוּהְן פוּן בִּכְרִי,
אָבֶּער דִיא מֶענֶער פוּן יְהוּדָה הָאבֶּען
זִיךְ בֶּעהֶעפְט אָן זֵייעֶר מֶלֶךְ, פוּן דֶעם
יַרְדֵן אָן בִּיז נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם:
3 אוּנְד דָוִד אִיז אָנְגֶעקוּמֶען צוּ זַיין
הוֹיז אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ
הָאט גֶענוּמֶען דִיא צֶעהְן קֶעבְּסְוַויבֶּער
וָואס עֶר הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט צוּ
הִיטֶען דָאס הוֹיז, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
גֶעשְׁפֵּייזְט, אָבֶּער עֶר אִיז נִיט צוּ זֵייא
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען פֶערְבּוּנְדֶען בִּיז צוּ דֶעם טָאג
פוּן זֵייעֶר טוֹיט, זֵייא הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט
וִויא אַלְמָנוֹת:
4 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
עֲמָשָׂא, זַאמֶעל צוּ מִיר דִיא מֶענֶער
פוּן יְהוּדָה אִין דְרֵייא טֶעג, אוּנְד שְׁטֶעל
דוּא דִיךְ אוֹיךְ דָא:
5 אַזוֹי אִיז עֲמָשָׂא אַהִינְגֶעגַאנְגֶען
יְהוּדָה צוּ פֶערְזַאמֶעלֶען, אָבֶּער עֶר
הָאט זִיךְ גֶעזוֹימְט לֶענְגֶער פוּן דֶער
צַייט וָואס מֶען הָאט אִיהְם בֶּעשְׁטִימְט:
6 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַבִישַׁי,
אִיצוּנְד וֶועט אוּנְס שֶׁבַע זוּהְן פוּן בִּכְרִי
שְׁלֶעכְטֶער טְהוּן וִויא אַבְשָׁלוֹם, נֶעם
דִיא קְנֶעכְט פוּן דַיין הַאר אוּנְד יָאג
אִיהְם נָאךְ, טָאמֶער וֶועט עֶר זִיךְ
אוֹיסְגֶעפִינֶען פֶעסְטֶע שְׁטֶעט אוּנְד אַזוֹי
וֶועט עֶר זִיךְ מַצִיל זַיין פַאר אוּנְזֶערֶע
אוֹיגֶען:
7 אוּנְד יוֹאָב'ס מֶענֶער זֶענֶען הִינְטֶער
אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא
כְּרֵתִים אוּנְד דִיא פְּלֵתִים אוּנְד אַלֶע
שְׁטַארְקֶע, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען אוֹיס יְרוּשָׁלַיִם נָאכְצוּיָאגֶען דֶעם
שֶׁבַע זוּהְן פוּן בִּכְרִי:
8 וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֵּייא דֶעם
גְרוֹיסֶען שְׁטֵיין וָואס אִיז אִין גִבְעוֹן,
אַזוֹי אִיז עֲמָשָׂא פַאר זֵייא גֶעקוּמֶען,
אוּנְד יוֹאָב אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעגוּרְט,
אָנְגֶעטְהוּן מִיט זַיין קְלֵייד, אוּנְד דַאר־
רִיבֶּער אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעגוּרְט אַיין
שְׁוֶוערְד, אוּנְד דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען בֶּע־
הֶעפְט אוֹיף זַיינֶע לֶענְדֶען, מִיט דִיא
שֵׁייד, אוּנְד אַלְס עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אִיז עֶס גֶעפַאלֶען:
9 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעזָאגְט צוּ עֲמָשָׂא,
בִּיזְט דוּא אִין שָׁלוֹם, מֵיין בְּרוּדֶער?
אוּנְד יוֹאָב הָאט אָנְגֶעגְרִיפֶען מִיט
זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד דֶען בָּארְט פוּן
עֲמָשָׂא אוּם אִיהְם צוּ קִישֶׁען:
10 אָבֶּער עֲמָשָׂא הָאט זִיךְ נִיט גֶעהִיט
פַאר דֶעם שְׁוֶוערְד וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען


אין

אִין דִיא הַאנְד פוּן יוֹאָב, אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם דַאמִיט גֶעשְׁלָאגֶען אִין דֶער
פִינְפְטֶער רִיפּ, אוּנְד זֵיינֶע גֶעדֶערְם
זָענֶען אויסְגֶענָאסֶען גֶעוָוארֶען אויף
דָער עֶרְד, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם נִיט
גֶעבְּרוּיכְט נָאךְ אַ מָאל צוּ שְׁלָאגֶען,
אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד יוֹאָב
אוּנְד זֵיין בְּרוּדֶער אֲבִישַׁי הָאבֶּען נָאכְ־
גֶעיָאגְט נָאךְ שֶׁבַע זוּהְן פוּן בִּכְרִי׃
11 אוּנְד אֵיינֶער פוּן יוֹאָב'ס מֶענְער
אִיז בֵּייא אִיהְם שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, װער הָאט לוּסְט אַן
יוֹאָב, אוּנְד װער עֶס אִיז פַאר דָוִד
זָאל גֵיין נָאךְ יוֹאָב׃
12 אוּנְד עֲמָשָׂא הָאט זִיךְ גֶעװַאלְגֶערְט
אִין דֶעם בְּלוּט אויף דֶעם װעג, אוּנְד
װען דֶער מַאן הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק אִיז שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען,
אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא דֶעם עֲמָשָׂא אַװעקְ־
גֶעקֶעהְרְט פוּן דֶעם װעג אִין דֶעם
פֶעלְד, אוּנְד מֶען הָאט אִיבֶּער אִיהְם
אַ קְלֵייד גֶעוָוארְפֶען װען עֶר הָאט
גֶעזֶעהֶען אַז אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז בֵּייא
אִיהְם גֶעקוּמֶען אִיז שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען׃
13 װען מֶען הָאט אִיהְם אַװעקְגֶענוּמֶען
פוּן דֶעם װעג, אִיז אִיטְלִיכֶער מַאן
אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען הִינְטֶער יוֹאָב נָאכְ־
צוּיָאגֶען נָאךְ שֶׁבַע זוּהְן פוּן בִּכְרִי׃
14 אוּנְד עֶר אִיז דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אִין
אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל, בִּיז נָאךְ
אָבֵל, אוּנְד בֵּית מַעֲכָה אוּנְד אִין דֶעם
גַאנְצֶען לַאנְד פוּן דִיא בֵּרִים, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט, אוּנְד זֵייא
זָענֶען אויךְ הִינְטֶער אִיהְם גֶעקוּמֶען׃
15 אוּנְד זֵייא זָענֶען אָנְגֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם בֶּעלַאגֶערְט אִין אָבֵל
אוּנְד אִין בֵּית מַעֲכָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אויפְגֶעשִׁיט אַ שַׁאנְץ אַרוּם דִיא שְׁטָאט,
אוּנְד זִיא אִיז גֶעשְׁטַאנֶען צְװִישֶׁען דִיא
חַיָילוֹת, אָבֶּער דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס
אִיז גֶעװעזֶען מִיט יוֹאָב הָאבֶּען גֶעע־
טְרַאכְט צוּ פֶערְדַארְבֶּען אוּנְד אֵיינְ־
צוּװַארְפֶען דִיא מוֹיֶער׃
16 אוּנְד אַ קְלוּגֶע פְרוֹי הָאט גֶערוּפֶען
פוּן דֶער שְׁטָאט, הֶערְט, הֶערְט, אִיךְ
בֶּעט אֵייךְ זָאגְט צוּ יוֹאָב, גֶענֶעהְן דָא
אַהֶער, אוּנְד אִיךְ װעל צוּ דִיר רֶעדֶען׃
17 אוּנְד װען עֶר אִיז נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען,
אַזוֹי הָאט דִיא פְרוֹי גֶעזָאגְט, בִּיזְט דוּא
יוֹאָב? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ
בִּין עֶס, אַזוֹי הָאט זִיא צוּ אִיהְם גֶעע־
זָאגְט, הֶער צוּ דִיא רֵייד פוּן דֵיינֶע
דִינְסְטמוֹיד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
אִיךְ הֶער׃
18 אוּנְד זִיא הָאט אַזוֹי גֶעזָאגְט,
פָארְצֵייטֶענְס הָאט מֶען גֶערֶעט אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, מֶען הָאט גֶעװִיס גֶעזָאלְט אָנְ־
פְרֶעגֶען אוּם שָׁלוֹם אִין אָבֵל, אוּנְד
מֶען הֶעט דִיא זַאךְ פַארְטִיג גֶעמַאכְט׃
19 אִיךְ בִּין פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען
שָׁלוֹם אוּנְד זָענֶען בֶּעגְלֵייבְט אִין יִשְׂרָאֵל,
דוּא זוּכְסְט אוּים צוּ טֵייטֶען אַ שְׁטָאט,
אוּנְד זִיא אִיז אַ מוּטֶער אִין יִשְׂרָאֵל,
פַארְוָואס װִילְסְט דוּא פֶערשְׁלִינְגֶען דִיא
נַחֲלָה פוּן יְהוָֹה?
20 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, חָלִילָה, חָלִילָה צוּ מִיר, אוֹיבּ
אִיךְ װעל פֶערשְׁלִינְגֶען אוּנְד אוֹיבּ אִיךְ
װעל פֶערְדַארְבֶּען׃
21 דִיא זַאךְ אִיז נִיט אַזוֹי, נֵייעֶרְט אַ
מַאן פוּן דֶעם בַּארְג אֶפְרָיִם, שֶׁבַע זוּהְן
פוּן בִּכְרִי הָאט אויפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיינֶע
הַאנְד קֶעגֶען דֶעם מֶלֶךְ דָוִד, אִיהְם
אַלֵיין גֶעבּ אוּנְס, אוּנְד אִיךְ װעל



אװעקגיין

אַוועקגעגיין פון דער שטאָט; אונד די
פרוי האָט געזאָגט צו יואָב, זעה, זיין
קאָפּ זאָל צו דיר געוואָרפען ווערען
איבער די מויער:
22 אונד די פרוי איז געקומען צו
דעם גאַנצען פאָלק מיט איהרע חכמה,
אונד זייא האָבען אָפּגעשניטען דעם
קאָפּ פון שבע זוהן פון בכרי, אונד
זייא האָבען איהם געוואָרפען צו יואָב,
אונד ווען ער האָט שופר געבלאָזען
אַזוי האָבען זייא זיך פערשפּרייט פון
דער שטאָט, איטליכער צו זיין געצעלט,
אונד יואָב איז צוריקגעקעהרט צו דעם
מלך נאָך ירושלים:
23 אונד יואָב איז געוועזען איבער
דעם גאַנצען חיל פון ישראל, אונד
בניה זוהן פון יהוידע וואַר איבער די
כרתי, אונד איבער די פלתי:
24 אונד אַדורם איז געוועזען איבער
דעם מס, אונד יהושפט זוהן פון
אחילוד איז געוועזען דער דערמאָנער:
25 אונד שוא איז געוועזען דער
סופר, אונד צדוק אונד אביתר די
כהנים:
26 אונד אויך עירא אויס יאיר איז
געוועזען אַ כהן צו דוד:

## קאַפּיטעל כא

1 אונד עס איז געוועזען אַ הונגערס־
נויט אין די טעג פון דוד דרייא
יאָהר, איין יאָהר נאָך דעם אַנדערן
יאָהר, אונד דוד האָט געזוכט דאָס
פנים פון גאָט, אונד גאָט האָט גע־
זאָגט, עס איז וועגען שאול אונד
וועגען זיין בלוטשולדיגעס הויז, ווייל
ער האָט געהרג'ט די גבעונים:
2 אונד דער מלך האָט גערופען די
גבעונים, אונד ער האָט צו זייא
געזאָגט — די גבעונים זענען ניט גע־
וועזען פון די בני ישראל, נייערט
פון די איבערבלייבונג פון דעם
אמורי, אונד די קינדער ישראל
האָבען צו זייא געשוואָרען, אָבער
שאול האָט בעגעהרט זייא צו שלאָגען
וועגען זיינע קנאה וואָס ער האָט
געהאַט צו די קינדער ישראל אונד
יהודה:
3 אונד דוד האָט געזאָגט צו די
גבעונים, וואָס זאָל איך צו אייך
טהון? אונד מיט וואָס זאָל איך
מכפר זיין דאָס איהר זאָלט בענשען
די נחלה פון גאָט?
4 אונד די גבעונים האָבען צו
איהם געזאָגט, מיר האָבען ניט צו
טהון מיט שאול אונד זיין הויזגעזינד
וועגען זילבער אונד גאָלד, אונד עס
איז ניט צו אונס אַז מען זאָל טייטען
אַ מאַן אין ישראל; — אונד ער האָט
געזאָגט, וואָס זאָגט איהר אַז איך זאָל
צו אייך טהון?
5 אונד זייא האָבען געזאָגט צו דעם
מלך, דער מאַן וואָס האָט אונס פערנ־
לאַנגט, אונד וואָס האָט וועגען אונס
אויסגעטראַכט אַז מיר זאָלען פערטילגט
ווערען פון בעשטיין צו בלייבען אין
אַלע גרענצען פון ישראל:
6 זיבען מענער זאָלען אונס געגעבען
ווערען פון זיינע זיהן, אונד מיר ווע־
לען זייא אויפהענגען פאַר גאָט אין
גבעת שאול, דעם אויסדערוויילטען
פון יהוה — אונד דער מלך האָט גע־
זאָגט, איך וועל זייא געבען:
7 אונד דער מלך האָט זיך דערבאַרמט
איבער מפיבשת זוהן פון יהונתן, זוהן
פון שאול, וועגען די שבועה פון

גָאט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צְווִישֶׁען זֵייא, צְווִישֶׁען דָוִד אוּנְד צְווִישֶׁען יְהוֹנָתָן זוּהְן פוּן שָׁאוּל׃

8 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶענוּמֶען דִיא צְווֵייא זִיהְן פוּן רִצְפָּה, דִיא טָאכְטֶער פוּן אַיָה, וָואס זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען צוּ שָׁאוּל, דֶעם אַרְמוֹנִי, אוּנְד דֶעם מְפִיבוֹשֶׁת, אוּנְד דִיא פִינְף זִיהְן פוּן מִיכַל דִיא טָאכְטֶער פוּן שָׁאוּל, וָואס זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען צוּ עַדְרִיאֵל זוּהְן פוּן בַּרְזִלַי פוּן מְחוֹלָת׃

9 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא גִבְעוֹנִים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג פַאר גָאט, אַזוֹי זֶענֶען דִיא זִיבֶּען גֶעפַאלֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעטֵייט גֶעוָוארֶען אִין דִיא עֶרְשְׁטֶע טֶעג, אִין דֶעם אָנְפַאנְג פוּן דֶעם שְׁנִיט פוּן דִיא גֶערְשְׁט׃

10 אוּנְד רִצְפָּה דִיא טָאכְטֶער פוּן אַיָה הָאט גֶענוּמֶען דֶעם זַאק, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם פַאר זִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אוֹיף דֶעם פֶעלְז־שְׁטֵיין, אִים אָנְפַאנְג פוּן דֶעם שְׁנִיט, בִּיז דָאס וַואסֶער הָאט זִיךְ אִיבֶּער זֵייא אוֹיסְגֶעגָאסֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד זִיא הָאט נִיט גֶעלָאזְט דִיא פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל אוֹיף זֵייא רוּהֶען בֵּייא טָאג, אָדֶער דִיא וִוילְדֶע חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד בֵּייא נַאכְט׃

11 אוּנְד מֶען הָאט דָאס אָנְגֶעזָאגְט צוּ דָוִד וָואס רִצְפָּה דִיא טָאכְטֶער פוּן אַיָה, דָאס קֵייבְּסְוֵייבּ פוּן שָׁאוּל הָאט גֶעטְהוּן׃

12 אַזוֹי אִיז דָוִד אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא בֵּיינֶער פוּן שָׁאוּל, אוּנְד דִיא בֵּיינֶער פוּן יְהוֹנָתָן זֵיין זוּהְן פוּן דִיא מֶענֶער פוּן יָבֵשׁ גִלְעָד, וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעגַנְבֶ'ט פוּן דֶעם פְּלַאץ בֵּית־שַׁן וָואס דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען זֵייא דָארְטֶען אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען אַן דֶעם טָאג וָוען דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען שָׁאוּל אִין גִלְבֹּעַ׃

13 אוּנְד עֶר הָאט פוּן דָארְטֶען אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דִיא בֵּיינֶער פוּן שָׁאוּל, אוּנְד דִיא בֵּיינֶער פוּן יְהוֹנָתָן זֵיין זוּהְן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דִיא בֵּיינֶער פוּן דִיא אוֹיפְגֶעהָאנְגֶענֶע׃

14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֶּעגְרָאבֶּען דִיא בֵּיינֶער פוּן שָׁאוּל אוּנְד יְהוֹנָתָן זֵיין זוּהְן אִין דֶעם לַאנְד בִּנְיָמִן, אִין צֵלַע, אִין דֶעם קֶבֶר פוּן קִישׁ זֵיין פָאטֶער; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן אַלֶעס וָואס דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעבָּאטֶען, אוּנְד גָאט הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט עֶרְבֶּעטֶען וֶועגֶען דֶעם לַאנְד נָאכְדֶעם׃

15 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען נָאךְ אַ מָאל מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי אִיז דָוִד אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט מִיט אִיהְם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד דָוִד אִיז מִיד גֶעוָוארֶען׃

16 אוּנְד יִשְׁבִּי אִין נוֹב—וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן רָפָה (רִיזֶען), אוּנְד דָאס גֶעוִויכְט פוּן זֵיין שְׁפִּיז־רָאהְר הָאט גֶעוָואוֶוגֶען דְרֵייא הוּנְדֶערְט שֶׁקֶל קוּפֶּער, אוּנְד עֶר אִיז אָנְגֶעגַארְטֶעלְט גֶעוֶועזֶען מִיט אַ נֵייעֶם פַאנְצֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמֵיינְט דָוִד צוּ שְׁלָאגֶען׃

17 אָבֶּער אֲבִישַׁי זוּהְן פוּן צְרוּיָה הָאט אִיהְם גֶעהָאלְפֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם פְּלִשְׁתִּי אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעטֵייט; דֶענְסְטְמָאל הָאבֶּען דָוִדס

מֶענֶער צוּ אִיהְם גֶעשְׁוָואוֹרֶען אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט מֶעהְר מִיט
אוּנְס אַרוֹיסְגֵיין אִין דֶער מִלְחָמָה, אַז
דוּא זָאלְסְט נִיט אוֹיסְלֶעשֶׁען דָאס לִיכְט
פוּן יִשְׂרָאֵל׃

18 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאכְדֶעם
דָאס עֶס אִיז נָאךְ אַ מָאל גֶעוֶועזֶען אַ
מִלְחָמָה אִין גוֹב, מִיט דִיא פְּלִשְׁתִּים,
דֶענְסְטְמָאל הָאט סִבְּכַי דֶער חֻשָׁתִי
גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם סַף, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן רָפָה׃

19 אוּנְד עֶס אִיז נָאךְ אַ מָאל גֶעוֶועזֶען
אַ מִלְחָמָה אִין גוֹב, מִיט דִיא פְּלִשְׁתִּים
וָוען אֶלְחָנָן זוּהְן פוּן יַעֲרֵי־אוֹרְגִים אוֹיס
בֵּית לֶחֶם הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם (בְּרוּדֶער
פוּן) גָלְיַת דֶעם גִתִּי, אוּנְד דָאס הָאלְץ
פוּן זַיין שְׁפִּיז וַואר וִויא אַ וֶועבֶּערְס
בּוֹים׃

20 אוּנְד עֶס אִיז נָאךְ אַ מָאל גֶעוֶועזֶען
אַ מִלְחָמָה אִין גַת, אוּנְד עֶס אִיז
(דָארְט) גֶעוֶועזֶען אַ מַאן פוּן (גְרוֹיסֶעם)
מָאס, וָואס הָאט גֶעהַאט אוֹיף יֶעדֶע
הַאנְד אוּנְד יֶעדֶען פוּס זֶעקְס פִינְגֶער,
פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג אִין דֶער צָאל,
אוּנְד עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעבּוֹירֶען גֶעוָואוֹרֶען
צוּ רָפָה׃

21 אוּנְד עֶר הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעלֶעסְ־
טֶערְט, אָבֶּער יְהוֹנָתָן זוּהְן פוּן שִׁמְעִי
דָוִד'ס בְּרוּדֶער, הָאט אִיהְם דֶערְשְׁלָאגֶען׃

22 דִיא דָאזִיגֶע פִיעֶר זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען
גֶעוָואוֹרֶען צוּ רָפָה אִין גַת, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען גֶעפַאלֶען דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן
דָוִד, אוּנְד דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן זַיינֶע
קְנֶעכְט׃

## קאפיטעל כב

1 אוּנְד דָוִד הָאט גֶערֶעט צוּ גָאט דִיא
וֶוערְטֶער פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גֶעזַאנְג, אַן
דֶעם טָאג וָוען גָאט הָאט אִיהְם מַצִיל
גֶעוֶועזֶען אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן אַלֶע
זַיינֶע פֵיינְד, אוּנְד אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן
שָׁאוּל׃

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יְהֹוָה אִיז
מֵיין פֶעלְז אוּנְד מֵיינֶע פֶעסְטוּנְג, אוּנְד
עֶר מַאכְט מִיךְ עַנְטְרִינֶען׃

3 גָאט אִיז מֵיין פֶעלְז וָואס אִיךְ בֶּע־
שִׁיץ מִיךְ אִין אִיהְם, עֶר אִיז מֵיין שִׁילְד
אוּנְד דָאס הָארְן פוּן מֵיינֶער הִילְף, עֶר
אִיז מֵיין אוּנְטֶערְלֶעהְנֶער, אוּנְד מֵיינֶע
עַנְטְלוֹיפוּנְג, עֶר אִיז מֵיין הֶעלְפֶער,
דוּא הֶעלְפְסְט מִיר פוּן דִיא רוֹיבֶּערְס׃

4 אִיךְ וֶועל גָאט אָנְרוּפֶען וָואס אִיז
וֶוערְטְה צוּ לוֹיבֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען פוּן מֵיינֶע פֵיינְד׃

5 וָוארִין דִיא בְּרֶעכֶענִים פוּן דֶעם
טוֹיט הָאבֶּען מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, דִיא
שְׁלֶעכְטֶע חַיָלוֹת הָאבֶּען מִיךְ דֶערְ־
שְׁרָאקֶען׃

6 דִיא חַיָלוֹת (אָדֶער שְׁטְרִיק) פוּן
שָׁאוֹל הָאבֶּען מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט,
דִיא שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פוּן דֶעם טוֹיט זֶענֶען
מִיר פָארְגֶעקוּמֶען׃

7 וֶוען עֶס אִיז מִיר עֶנְג גֶעוֶועזֶען הָאבּ
אִיךְ צוּ יְהוָֹה אָנְגֶערוּפֶען, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ אָנְגֶערוּפֶען צוּ מֵיין גָאט, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעהֶערְט מֵיין קוֹל פוּן זַיין
הֵיכָל, אוּנְד מֵיין גֶעשְׁרֵייא אִיז גֶעקוּמֶען
אִין זַיינֶע אוֹירֶען׃

8 אוּנְד דִיא עֶרְד הָאט זִיךְ גֶעשָׁאקֶעלְט
אוּנְד גֶעצִיטֶערְט, דִיא גְרוּנְדְפֶעסְטֶע
פוּן הִימֶעל הָאבֶּען גֶעצִיטֶערְט אוּנְד
גֶעשְׁטוּרְמְט, וַוייל עֶר אִיז צָארְנִיג גֶע־
וֶועזֶען׃

9 אַ רוֹיךְ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן
זַיינֶע נָאז־לֶעכֶער, אוּנְד אַ פֵייעֶר פוּן

זַיין מויל הָאט פֶערבְּרֶענְט, קוילֶען
הָאבֶּען דַאפוּן גֶעבְּרֶענְט :
10 עֶר הָאט גֶענֵייגְט דֶעם הִימֶעל
אוּנְד אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען, אוּנְד אַ נֶעפֶּעל
אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְטֶער זַיינֶע פִּים :
11 עֶר הָאט גֶערִיטֶען אויף אַ כְּרוּב
אוּנְד הָאט גֶעשְׁוֶועבְּט, אוּנְד עֶר הָאט
זִיךְ בֶּעוִויזֶען אויף דִיא פְלִיגֶעל פוּן
דֶעם וִוינְד :
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא
פִינְסְטֶערְנִים אוּם אִיהְם אַרוּם צוּ
בֵּיידְלֶעךְ (סֻכּוֹת), רֶעגֶען־וַואסֶער אוּנְד
דִיקֶע וָואלְקֶען :
13 פוּן דֶעם גְלַאנְץ וָואס אִיז קֶעגֶען
אִיהְם גֶעוֶועזֶען זֶענֶען פֵייעֶרְדִיגֶע קוילֶען
אָנְגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען :
14 גָאט הָאט גֶעשְׁטוּרְמְט פוּן דֶעם
הִימֶעל, אוּנְד דֶער אויבֶּערְשְׁטֶער הָאט
גֶעגֶעבֶּען זַיין קוֹל :
15 עֶר הָאט אויסְגֶעשִׁיקְט פֵילֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פֶערְשְׁפְּרֵייט, עֶר
הָאט גֶעלָאזְט בְּלִיצֶען אוּנד עֶר הָאט
זֵייא פֶערְטוּימֶעלְט :
16 אוּנְד דִיא טִיפֶענִים פוּן דֶעם יָם
זֶענֶען גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען, דִיא גְרוּנְד־
פֶעסְטֶען פוּן דֶער וֶועלְט זֶענֶען אֶנְטְ־
פְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, דוּרְךְ דֶעם גֶעשְׁרֵייא
פוּן יְהֹוָה וֶועגֶען זַיין שְׁטַארְקֶען צָארְן :
17 עֶר הָאט גֶעשֵׁיינְט פוּן דֶער הֵייךְ
(הִימֶעל), אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶענוּמֶען,
עֶר הַאט מִיךְ אַרויסְגֶעצוֹגֶען פוּן פִילֶע
וַואסֶערְן :
18 עֶר הָאט מִיךְ מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן
מֵיינֶע שְׁטַארְקֶע פֵיינְד, פוּן מֵיינֶע
שׂוֹנְאִים וָואס זֶענֶען שְׁטַארְקֶער פוּן מִיר :
19 זֵייא זֶענֶען מִיר צוּפָארְגֶעקוּמֶען
אִין דֶעם טָאג פוּן בְּרָאךְ, אָבֶּער גָאט אִיז
גֶעוֶועזֶען מֵיינֶע אוּנְטֶערְלֶעהְנוּנְג :
20 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרויסְגֶעבְּרַאכְט
אִין אַ בְּרֵייטֶען אָרְט, עֶר הָאט מִיךְ
אַרויסְגֶעצוֹיגֶען, ווייל עֶר הָאט לוּסְט
אַן מִיר :
21 גָאט הָאט מִיר בֶּעלוֹינְט נָאךְ
מֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, נָאךְ דִיא רֵיינְ־
הֵייט פוּן מֵיינֶע הֶענְד הָאט עֶר צוּ
מִיר אוּמְגֶעקֶעהְרְט :
22 וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעהִיט דִיא
וֶועגֶען פוּן גָאט, אוּנְד אִיךְ בִּין נִיט
מִיט שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אָפְּגֶעטְרֶעטֶען פוּן
מֵיין גָאט :
23 וָוארִין אַלֶע זַיינֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען
פַאר מִיר, אוּנְד זַיינֶע גֶעזֶעץ הָאבּ
אִיךְ נִיט אָפְּגֶעטְהוּן פוּן פַאר מִיר :
24 אוּנְד אִיךְ בִּין אויךְ גֶעוֶועזֶען
גַאנְץ (אויפְרִיכְטִיג) פַאר אִיהְם, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעהִיט פוּן מֵיינֶע זִינְד :
25 אוּנְד גָאט הָאט מִיר אוּמְגֶעקֶעהְרְט
נָאךְ מֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, נָאךְ מֵיינֶע
רֵיינְהֵייט אִין זַיינֶע אויגֶען :
26 מִיט דֶעם גְנֶעדִיגֶען (חָסִיד) וֶועסְט
דוּא טְהוּן חֶסֶד, אוּנְד מִיט דֶעם
אויפְרִיכְטִיגֶען מַאן הָאסְט דוּא דִיךְ
אויפְרִיכְטִיג בֶּעוִויזֶען :
27 מִיט דֶעם רֵיינֶעם וֶועסְט דוּא דִיךְ
אִין רֵיינְהֵייט בֶּעווייזֶען, אוּנְד מִיט דֶעם
פֶערְקְרוּמְטֶען וֶועסְט דוּא דִיךְ אויךְ
בֶּעווייזֶען אַלְס אַ ווידֶערְשְׁטְרֵייטֶער :
28 אוּנְד דֶעם אָרֶעמֶען פָאלְק וֶועסְט
דוּא הֶעלְפֶען, אָבֶּער דֵיינֶע אויגֶען
זֶענֶען אִיבֶּער דִיא הויכְמוּטִיגֶען, אַז
דוּא זָאלְסְט זֵייא נִידֶערִיג מַאכֶען :
29 וָוארִין דוּא בִּיזְט מֵיין לִיכְט, אָ
גָאט, גָאט וֶועט דֶערְלֵייכְטֶען מֵיינֶע
פִינְסְטֶערְנִים :


ווארין

30 וָואַרין דוּרךְ דִיר קֶען אִיךְ לױפֶען
קֶעגֶען אַ חַיִל, אוּנְד דוּרךְ מֵיין גָאט
קֶען אִיךְ אִיבֶּער אַ מױעֶר שְׁפְּרִינְגֶען׃
31 אָבֶּער וָואס גָאט אָנְבֶּעטְרֶעפְט,
זֵיין וֶועג אִיז גַאנְץ (פָּאלְקָאמֶען), דָאס
וָוארְט פוּן גָאט אִיז גֶעלֵייטֶערְט, עֶר
אִיז אַ בֶּעשִׁיצוּנְג צוּ אַלֶע וָואס פֶּערְ־
טְרױעֶן אִין אִיהְם׃
32 דֶען וֶוער אִיז גָאט חוּץ יְהוָֹה?
אוּנְד וֶוער אִיז אַ פֶעלְז חוּץ אוּנְזֶער
גָאט?
33 גָאט אִיז מֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט אוּנְד
קְרַאפְט, אוּנְד עֶר מַאכְט מֵיין וֶועג
גַאנְץ (פָּאלְקָאמֶען)׃
34 עֶר הָאט גֶעמַאכְט גְרַאד מֵיינֶע
פִּיס וִויא אַ הִינְדִין, אוּנְד אוֹיף מֵיינֶע
הױכֶע עֶרְטֶער הָאט עֶר מִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט׃
35 עֶר לֶערְנְט מֵיינֶע הַאנְד מִלְחָמָה
צוּ הַאלְטֶען, אוּנְד מֵיינֶע אָרֶעמְס
בֵּיינֶען אַ קוּפֶּערְנֶען בּױגֶען׃
36 אוּנְד דוּא הָאסט מִיר גֶעגֶעבֶּען
דָאס שִׁילְד (פַּאנְצֶער) פוּן דֵיינֶע הִילְף,
אוּנְד דֵיינֶע (עֲנָוָה) דֶעמִיטִיגְקֵייט הָאט
מִיךְ גְרױס גֶעמַאכְט׃
37 דוּא הָאסְט דֶערְבְּרֵייטֶעט מֵיינֶע
טְרִיט הִינְטֶער מִיר, אוּנְד מֵיינֶע קְנֶעע־
כֶעל הָאבֶּען זִיךְ נִיט אױסְגֶעגְלִיטְשְׁט׃
38 אִיךְ הָאבּ נָאכְגֶעיָאגְט מֵיינֶע פֵיינְד
אוּנְד הָאבּ זֵייא פֶערְטִילְגְט, אוּנְד בִּין
נִיט צוּרִיקְגֶעקוּמֶען בִּיז אִיךְ הָאבּ פוּן
זֵייא אַן עֶנְד גֶעמַאכְט׃
39 אוּנְד אִיךְ הָאבּ פוּן זֵייא אַן עֶנְד
גֶעמַאכְט אוּנְד פֶערוואוּנְדֶעט אַז זֵייא
הָאבְּען נִיט גֶעקֶענְט אױפְשְׁטֵיין, זֵייא
זֶענֶען גֶעפַאלֶען הִינְטֶער מֵיינֶע פִּיס׃
40 אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ אָנְגֶעגַארְ־
טֶעלְט מִיט קְרַאפְט צוּ דֶער מִלְחָמָה,
דוּא הָאסְט (אוּנְטֶערְטֶענִיג) קְנִיעֶן גֶע־
מַאכְט דִיא וָואס זֶענֶען הִינְטֶער מִיר
אױפְגֶעשְׁטַאנֶען׃
41 דוּא הָאסְט מִיר אױךְ גֶעגֶעבֶּען
דֶען נַאקֶען פוּן מֵיינֶע פֵיינְד, אַז אִיךְ
זָאל פֶערשְׁנֵיידֶען דִיא וָואס הָאבֶּען מִיךְ
פֵיינְד׃
42 זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן, אָבֶּער עֶס
הָאט זֵייא קֵיינֶער נִיט גֶעהָאלְפֶען, אוּנְד
זָאגַאר צוּ יְהוָֹה אָבֶּער עֶר הָאט זֵייא
נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט׃
43 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא צֶערְמָאלֶען
וִויא דֶעם שְׁטױבּ פוּן דֶער עֶרְד, אִיךְ
הָאבּ זֵייא צוּשְׁטױסֶען אוּנְד צוּטְרֶעטֶען
וִויא דֶעם לֵיים פוּן דֶער גַאס׃
44 אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעמַאכְט
אֶנְטְרִינֶען פוּן דִיא קְרִיגֶער פוּן מֵיין
פָאלְק, דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעהִיט אַז אִיךְ
זָאל זֵיין אַ ראש אִיבֶּער דִיא גוֹיִם, אַ
פָאלְק וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעקֶענְט
זָאלֶען מִיךְ דִינֶען׃
45 קִינְדֶער פוּן פְרֶעמְדֶע וֶועלֶען זִיךְ
צוּ מִיר אוּנְטֶערְטֶענִיג מַאכֶען, נָאךְ
דֶעם הֶערֶען מִיט זֵייעֶר אױעֶר וֶועלֶען
זֵייא מִיר גֶעהָארְכֶען׃
46 קִינְדֶער פוּן פְרֶעמְדֶע וֶועלֶען
פֶערְוֶועלְקֶען, זֵייא וֶועלֶען מוֹרָא הָאבֶּען
פוּן זֵייעֶרֶע פֶערְשְׁלִיסוּנְג׃
47 גָאט לֶעבְּט, אוּנְד גֶעבֶּענְשְׁט אִיז
מֵיין פֶעלְז, אוּנְד דֶערְהױבֶּען אִיז
גָאט דֶער בֶּעשֶׁעפֶּער פוּן מֵיינֶע הִילְף׃
48 עֶר אִיז דֶער גָאט וָואס גִיט
נְקָמוֹת צוּ מִיר, אוּנְד עֶר מַאכְט פֶעלְ־
קֶער צוּ מִיר אוּנְטֶערְטֶענִיג׃
49 אוּנְד עֶר צִיהְט מִיךְ אַרױס פוּן
מֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד אִיבֶּער דִיא וָואס
שְׁטֵיין אוֹיף קֶעגֶען מִיר הָאסְט דוּא

מִיךְ

מִיךְ דֶערְהויבֶּען ; דוּא הָאסְט מִיךְ מַצִיל
גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם רויבֶּערִישֶׁען מַאן :
50 דַארִיבֶּער וֶועל אִיךְ דִיךְ, אָ גָאט,
לויבֶּען אוּנְטֶער דִיא גוֹיִם, אוּנְד אִיךְ
וֶועל זִינְגֶען צוּ דֵיין נָאמֶען :
51 עֶר מַאכְט גְרויס דִיא הִילְף פוּן
זֵיין קֶענִיג, אוּנְד טְהוּט חֶסֶד צוּ זֵיין
גֶעזַאלְבְּטֶען, צוּ דָוִד אוּנְד צוּ זֵיינֶע
קִינְדֶער בִּיז אויף אֵייבִּיג :

קאפיטעל כג

1 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא לֶעצְטֶע
וֶוערְטֶער וָואס דָוִד בֶּן יִשַׁי הָאט גֶעז־
זָאגְט, אוּנְד דִיא רֵייד פוּן דֶעם מַאן
וָואס אִיז הויךְ דֶערְהויבֶּען גֶעוָוארֶען
דֶער גֶעזַאלְבְּטֶער פוּן דֶעם גָאט פוּן
יַעֲקֹב, אוּנְד דִיא רֵייד פוּן דֶעם זִינְגֶער
פוּן יִשְׂרָאֵל :
2 דֶער רוּחַ פוּן גָאט הָאט דוּרְךְ מִיר
גֶערֶעט, אוּנְד זֵיינֶע רֵייד אִיז גֶעוֶועזֶען
אויף מֵיינֶע צוּנְג :
3 דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט,
דֶער פֶעלְז פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט צוּ מִיר
גֶערֶעט, דֶער וָואס אִיז אַ גֶעוֶועלְטִיגֶער
אוּנְטֶער מֶענְשֶׁען מוּס זֵיין גֶערֶעכְט,
עֶר מוּס גֶעוֶועלְטִיגֶען אִין דֶער פָארְכְט
פוּן גָאט :
4 אוּנְד עֶר וֶועט זֵיין אַזוֹי וִויא דָאס
לִיכְט פוּן פְרִיה מָארְגֶענְס וֶוען דִיא זוּן
שֵׁיינְט, אַזוֹי וִויא אַ פְרִיה מָארְגֶען אָהְן
אַ דִיקֶען וָואלְקֶען, אַזוֹי וִויא דָאס
שֵׁיינֶען (פוּן דֶער זוּן) נָאךְ דֶעם רֶעגֶען
אויף דֶעם גְרָאז פוּן דֶער עֶרְד :
5 חָאטְשֶׁע מֵיין הויזְגֶעזִינְד אִיז נִיט
אַזוֹי מִיט גָאט, דָאךְ הָאט עֶר מִיט מִיר
גֶעמַאכְט אֵיין אֵייבִּיגֶען בְּרִית, עֶס אִיז
אָנְגֶעבְּרֵייט אִין אַלֶעם אוּנְד אִיז גֶע־
הִיט, וָוארִין דָאס אִיז מֵיינֶע גַאנְצֶע
יְשׁוּעָה, אוּנְד מֵיין גַאנְצֶעס פֶערְלַאנְגֶען,
חָאטְשֶׁע עֶר וֶועט עֶס נִיט מַאכֶען
שְׁפְּרָאצֶען :
6 אָבֶּער דִיא שְׁלֶעכְטֶע לֵייט זֶענֶען אַלֶע
וִויא אַ דָארְן וָואס וֶועט פֶערְוָואגֶעלְט, וָואס
מֶען קֶען נִיט אָנְגֶעמֶען מִיט דִיא הַאנְד :
7 אָבֶּער דֶער מַאן וָואס וִויל זֵייא
אָנְרִירֶען מוּס זֵיין אָנְגֶעטְהוּן מִיט
אֵייזֶען אוּנְד מִיט אַ שְׁטַאנְג פוּן אַ
שְׁפִּיז, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אִים גַאנְצֶען
פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען מִיט פֵייעֶר אִין דֶעם
זֶעלְבִּיגֶען אָרְט :
8 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא נֶעמֶען פוּן
דִיא גִבּוֹרִים וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט
דָוִד, דֶער וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אִין דֶעם
זִיץ אִיז גֶעוֶועזֶען תַּחְכְּמוֹנִי, דֶער
הויפְּטְמַאן פוּן דִיא דְרֵייא ; עֶר אִיז
גֶעוֶועזֶען עֲדִינוֹ דֶער עֶצְנִי, וֶועגֶען דִיא
אַכְט הוּנְדֶערְט וָואס עֶר הָאט אויף
אֵיין מָאל דֶערְשְׁלָאגֶען :
9 אוּנְד נָאךְ אִיהְם אִיז גֶעוֶועזֶען
אֶלְעָזָר בֶּן דוֹדוֹ, בֶּן אֲחוֹחִי, אֵיינֶער
פוּן דִיא דְרֵייא (גִבּוֹרִים) וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען מִיט דָוִד וֶוען זֵייא הָאבֶּען
פֶערְשֶׁעמְט גֶעמַאכְט דִיא פְּלִשְׁתִּים
וָואס זֶענֶען דָארְטֶען פֶערְזַאמֶעלְט גֶע־
וֶועזֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד דִיא
מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַרויפְגֶע־
גַאנְגֶען :
10 עֶר אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט
גֶעשְׁלָאגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים בִּיז זֵיינֶע
הַאנְד אִיז מִיד גֶעוָוארֶען, אוּנְד זַיא
הָאט זִיךְ בֶּעהֶעפְטֶעט אַן דֶעם שְׁוֶוערְט,
אוּנְד גָאט הָאט אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג
אַ גְרויסֶע הִילְף גֶעטְהוּן, אוּנְד דָאס
פָאלְק הָאט זִיךְ הִינְטֶער אִיהְם אוּמְ־
גֶעקֶעהְרְט נָאר צוּ פְּלִינְדֶערְן :

אונד

11 אונד נאָך איהם איז געוועזען שַׁמָּה
בֶּן אָגֵא, דער הֲרָרִי, אונד די פְּלִשְׁתִּים
האָבען זיך פערזאַמעלט אין חַיָּילוֹת,
אונד דאָרט איז געוועזען אַ שטיק
פעלד פול מיט לינזען, אונד דאָס
פאָלק איז אַנטלאָפען געוואָרען פון
פאַר די פְּלִשְׁתִּים:
12 אונד ער האָט זיך געשטעלט אין
דער מיטען פון דעם פעלד. אונד ער
האָט עס מַצִּיל געוועזען, אונד ער
האָט די פְּלִשְׁתִּים געשלאָגען, אונד
גאָט האָט געטהון אַ גרויסע הילף:
13 אונד עס זענען אַרופגעגאַנגען
דרייא פון די דרייסיג הויפטלייטע,
אונד זייא זענען אָנגעקומען אין דער
צייט פון דעם שניט צו דָוִד, צו דער
הייל עֲדוּלָּם, אונד די חַיָּילוֹת פון די
פְּלִשְׁתִּים האָבען זיך געלאַגערט אין
דעם טהאָל פון די רְפָאִים (ריזען):
14 אונד דָוִד איז דענסטמאָל געוועזען
אין דער פעסטונג, אונד דאָס אָנ־
געשטעלטע חַיִל פון די פְּלִשְׁתִּים
זענען דענסטמאָל געוועזען אין בֵּית
לָחֶם:
15 אונד דָוִד האָט געגלוסט אונד ער
האָט געזאָגט, ווער וועט מיר געבען
צו טרינקען וואַסער פון דעם ברונען
אוים בֵּית לָחֶם, וואָס איז בייא דעם
טהאָר?
16 אַזוי האָבען זיך די דרייא גִבּוֹרִים
דורכגעשפּאָלטען דורך די מַחֲנֶה פון
די פְּלִשְׁתִּים, אונד זייא האָבען גע־
שעפּט וואַסער פון דעם ברונען אין
בֵּית לָחֶם, וואָס איז בייא דעם טהאָר,
אונד זייא האָבען עס געטראָגען אונד
געבראַכט צו דָוִד, אָבער ער האָט עס
ניט געוואָלט טרינקען, נייערט ער
האָט עס אויסגעגאָסען פאַר גאָט:
17 אונד ער האָט געזאָגט, (חָלִילָה)
פערמיטען זאָל עס זיין צו מיר, אָ
יְהוָֹה, צו טהון די דאָזיגע זאַך, איז
עס ניט דאָס בלוט פון די מענער
וואָס זענען אַהינגעגאַנגען מיט דער
סַכָּנָה פון זייער לעבען? אונד ער
האָט עס ניט געוואָלט טרינקען; דאָס
דאָזיגע האָבען געטהון די דרייא
גִבּוֹרִים:
18 אונד אֲבִישַׁי, ברודער פון יוֹאָב
בֶּן צְרוּיָה, ער איז געוועזען דער
הויפטמאַן פון די דרייא, אונד ער
האָט אויפגעהויבען זיין שפּיז קעגען
דרייא הונדערט אונד ער האָט זייא
דערשלאָגען, אונד ער האָט געהאַט
אַ שֵׁם אונטער די דרייא:
19 איז ער ניט געוועזען דער בְּכָבוֹד־
סטער פון די דרייא? אונד ער איז
געוועזען איבער זייא צו איין האַר,
אָבער צו די ערשטע דרייא איז ער
ניט אָנגעקומען:
20 אונד בְּנָיָהוּ זוהן פון יְהוֹיָדָע איז
געוועזען אַ זוהן פון אַ (שטאַרקען)
חַיִל'ס מאַן פון קַבְצְאֵל, ער האָט גע־
טהון פיל (גוטע) ווערק—ער האָט
דערשלאָגען די צווייא לייבענשטאַרקע
מענער פון מוֹאָב, אונד ער איז אויך
אַרופגעגאַנגען אונד האָט דערשלאָגען
דעם לייב אין דער גרוב, אין דעם
טאָג וואָס איז געוועזען שנייא:
21 אונד ער האָט דערשלאָגען אַ
מִצְרִישען מאַן,—אַן אָנגעזעהענער מאַן—
אונד אין דער האַנד פון דעם מִצְרִי
איז געוועזען אַ שפּיז, אונד ער איז
אַרופגעגאַנגען צו איהם מיט אַ רוט
אונד ער האָט אַוועק געגַזְלְת דעם

שְׁפִּיז פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם מִצְרִי,
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעהַרְגֶ'ת מִיט זַיין
אֵיינֶגֶענֶעם שְׁפִּיז:
22 דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען הָאט בְּנָיָהוּ
זוּהְן פוּן יְהוֹיָדָע גֶעטְהוּן, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעהַאט אַ שֵׁם אוּנְטֶער דִיא
דְרַייא גִבּוֹרִים:
23 עֶר אִיז מֶעהְר בְּכָבוֹד גֶעוֶועזֶען
פוּן דִיא דְרַייסִיג, אָבֶּער צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע
דְרַייא אִיז עֶר נִיט אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד
דָוִד הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט צוּ זַיין
אֵייגֶענֶעם וֶועכְטֶער:
24 עֲשָׂהאֵל דֶער בְּרוּדֶער פוּן יוֹאָב
אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְטֶער דִיא דְרַייסִיג,
אֶלְחָנָן בֶּן דוֹדוֹ אוֹיס בֵּית לָחֶם:
25 שַׁמָּה דֶער חֲרוֹדִי; אֱלִיקָא דֶער
חֲרוֹדִי:
26 חֶלֶץ דֶער פַּלְטִי; עִירָא דֶער זוּהְן
פוּן עִקֵּשׁ דֶער תְּקוֹעִי:
27 אֲבִיעֶזֶר פוּן עֲנָתוֹת; מְבֻנַּי פוּן
ח שָׁתִי:
28 צַלְמוֹן פוּן אֲחוֹחִי; מַהְרַי פוּן
נְטוֹפָת:
29 חֵלֶב בֶּן בַּעֲנָה פוּן נְטוֹפַת; אִתַּי
בֶּן רִיבַי פוּן גִבְעַת בִּנְיָמִן:
30 בְּנָיָהוּ פוּן פִּרְעָתוֹן; הִדַּי פוּן דִיא
טָאלֶען גָעַשׁ:
31 אֲבִי עַלְבוֹן פוּן עַרְבָת; עַזְמָוֶת
פוּן בַּרְחוּם:
32 אֶלְיַחְבָּא פוּן שַׁעַלְבוֹן פוּן דִיא זִיהְן
יָשֵׁן (דָאס אִיז) יְהוֹנָתָן:
33 שַׁמָּה פוּן הַרָרִי; אֲחִיאָם בֶּן שָׁרָר
פוּן אֲרָרִי:
34 אֱלִיפֶלֶט בֶּן אֲחַסְבַּי, בֶּן מַעֲכָת;
אֱלִיעָם בֶּן אֲחִיתוֹפֶל פוּן גִלוֹנִי:
35 חֶצְרַי פוּן כַּרְמֶל; פַּעֲרַי פוּן אַרְב:
36 יִגְאָל בֶּן נָתָן פוּן צוֹבָה; בָּנִי פוּן
שֵׁבֶט גָד:
37 צֶלֶק פוּן עַמּוֹן; נַחְרַי פוּן בְּאֵרוֹת,
עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער גֶעוֶוער טְרֶעגֶער
פוּן יוֹאָב בֶּן צְרוּיָה:
38 עִירָא פוּן יֶתֶר; גָרֵב פוּן יֶתֶר:
39 אוּרִיָה הַחִתִּי, אִים גַאנְצֶען זִיבֶּען
אוּנְד דְרַייסִיג:

## קאפיטעל כד

1 אוּנְד דֶער צָארְן פוּן גָאט הָאט
נָאךְ אַ מָאל דֶערְגְרִימְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד עֶר הָאט דָוִד אָנְגֶערֵייצְט, אַן
זַייא, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גֵייא, צֵייל יִשְׂרָאֵל
אוּנְד יְהוּדָה:
2 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעזָאגְט צוּ
יוֹאָב דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דֶעם חַיִל
וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, לוֹיף
דָאךְ אַרוּם אִין אַלֶע שְׁבָטִים פוּן
יִשְׂרָאֵל, פוּן דָן בִּיז נָאךְ בְּאֵר שֶׁבַע,
אוּנְד צֵייל דָאס פָאלְק, אַז אִיךְ זָאל
וִויסֶען דִיא צָאל פוּן דֶעם פָאלְק:
3 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מֶלֶךְ, לָאז יְהוָה דַיין גָאט פֶערְמֶעהְרֶען
צוּ דֶעם פָאלְק נָאךְ אַ מָאל אַזוֹי פִיל
וִויא זַייא זֶענֶען, בִּיז אַ הוּנְדֶערְט מָאל,
אַז דִיא אוֹיגֶען פוּן מַיין הַאר זָאלֶען
עֶס זֶעהֶען, אָבֶּער וַוארוּם הָאט מַיין
הַאר דֶער מֶלֶךְ אַ פֶערְלַאנְגֶען אִין דֶער
דָאזִיגֶער זַאךְ?
4 אָבֶּער דָאס וָוארְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ
אִיז שְׁטַארְק גֶעוֶועזֶען צוּ יוֹאָב אוּנְד
אִיבֶּער דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם חַיִל;
אַזוֹי זֶענֶען יוֹאָב אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע
פוּן דֶעם חַיִל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן פַאר
דֶעם מֶלֶךְ אוּם צוּ צֵייקֶען דָאס פָאלְק
יִשְׂרָאֵל:
5 אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען
אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ


געלאגערט

גֶעלַאגֶערְט אִין עֲרוֹעֵר, אוֹיף דֶער רֶעכְטֶער זַייט פוּן דִיא שְׁטָאט וָואס אִיז צְוִוישֶׁען דֶעם טְהָאל פוּן גָד אוּנְד בֵּייא יַעְזֵר!

6 אוּנְד זַייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען נָאךְ גִלְעָד, אוּנְד צוּ דֶעם לַאנְד תַּחְתִּים חָדְשִׁי, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דָן־יַעַן, אוּנְד הָאבֶּען אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט בֵּייא צִידוֹן:

7 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶער פֶעסְטוּנְג צוֹר, אוּנְד אַלֶע שְׁטֶעט פוּן דֶעם חִוִי אוּנְד דֶעם כְּנַעֲנִי, אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער דָרוֹם־זַייט פוּן יְהוּדָה נָאךְ בְּאֵר שֶׁבַע:

8 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד אַזוֹי זֶענֶען זַייא אָנְגֶעקוּמֶען אַן דֶעם עֶנְד פוּן נַיין חֲדָשִׁים אוּנְד צְוַואנְצִיג טֶעג נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם:

9 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעגֶעבֶּען דִיא צָאל פוּן דֶעם פָאלְק צוּ דֶעם מֶלֶךְ אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין יִשְׂרָאֵל אַכְטְהוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד שְׁטַארְקֶע חַיִל'ס לֵייט וָואס הָאבֶּען גֶעצוֹיגֶען אַ שְׁוֶוערְט אוּנְד אִין יְהוּדָה פִינְף טוֹיזֶענְד מַאן:

10 אוּנְד דָוִד'ס הַארְץ הָאט אִין אִיהְם גֶעקְלַאפְּט נָאכְדֶעם עֶר הָאט גֶעלַאזְט צֵיילֶען דָאס פָאלְק–אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט, אִיךְ הָאבּ זֶעהְר גֶעזִינְדִיגְט מִיט דֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן, אוּנְד אַצוּנְד, אָ גָאט בֶּעט אִיךְ, לָאז אִיבֶּערְפָארֶען דִיא זִינְד פוּן דַיין קְנֶעכְט, וָוארִין אִיךְ הָאבּ זֶעהְר נַארִישׁ גֶעהַאנְדֶעלְט:

11 אוּנְד דָוִד אִיז אִין דֶער פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען–אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ גָד הַנָבִיא, דֶעם זֶעהֶער פוּן דָוִד, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

12 גֵייא אַהִין אוּנְד רֶעד צוּ דָוִד, אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה, אִיךְ לֵייג דִיר פָאר דְרֵייא זַאכֶען, דֶערְוֶוייל דִיר אֵיינְס פוּן זֵייא אַז אִיךְ זָאל עֶס צוּ דִיר טְהוּן:

13 אוּנְד גָד אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דָוִד אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זָאל צוּ דִיר קוּמֶען זִיבֶּען יָאהְר הוּנְגֶער אִין אִין דַיין לַאנְד? אָדֶער זָאלְסְט דוּא אֶנְטְלוֹיפֶען דְרֵייא חֲדָשִׁים פוּן פַאר דַיין פֵיינְד, אוּנְד עֶר זָאל דִיךְ נָאכְיָאגֶען? אָדֶער זָאל זַיין דְרֵייא טֶעג אַ מַגֵפָה (דֶבֶר) אִין דַיין לַאנְד? אַצוּנְד לָאז וִויסֶען אוּנְד זֶעה וָואס אִיךְ זָאל עֶנְטְפֶערְן צוּ דֶעם וָואס הָאט מִיךְ צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט:

14 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז מִיר זֶעהְר לֵייד, אִיךְ וִויל לִיבֶּער פַאלֶען אִין דִיא הֶענְד פוּן גָאט, וָוארִין זַיינֶע דֶערְבַּארְמוּנְג אִיז גְרוֹיס, אָבֶּער אִין דִיא הֶענְד פוּן מֶענְשֶׁען וִויל אִיךְ נִיט פַאלֶען:

15 אַזוֹי הָאט גָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט דִיא מַגֵפָה אִין יִשְׂרָאֵל פוּן פְרִיה מָארְגֶענְס בִּיז צוּ דֶער בֶּעשְׁטִימְטֶער צַייט, אוּנְד עֶס אִיז פוּן דֶעם פָאלְק אוֹיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען–פוּן דָן בִּיז בְּאֵר שֶׁבַע–זִיבֶּעצִיג טוֹיזֶענְד מַאן:

16 אוּנְד וֶוען דֶער מַלְאָךְ הַמַּשְׁחִית הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זַיינֶע הַאנְד אִיבֶּער יְרוּשָׁלַיִם זִיא צוּ פֶערְדַארְבֶּען, אַזוֹי הָאט גָאט חֲרָטָה גֶעהַאט אִיבֶּער דֶעם בֵּייזֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַלְאָךְ וָואס הָאט פֶערְדַארְבֶּען אַזוֹי פִיל פוּן דֶעם פָאלְק, אַצוּנְד צִיה צוּרִיק דַיינֶע הַאנְד. אוּנְד דֶער מַלְאָךְ פוּן יְהֹוָה אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען בֵּייא דֶער שֵׁייעֶר פוּן אֲרַוְנָה דֶעם יְבוּסִי:

17 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט,
אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
אוּמְרֶעכְט גֶעטְהוּן, אָבֶּער דִיא דָאזִיגֶע
שָׁאף–וָואס הָאבֶּען זֵייא גֶעטְהוּן ? לָאז
דָאךְ דֵיינֶע הַאנְד זַיין קֶעגֶען מִיר אוּנְד
קֶעגֶען מֵיין פָאטְעֶרְס הויז :
18 אוּנְד גָד אִיז אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג גֶעקוּמֶען צוּ דָוִד, אוּנְד עֶר הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא אַרוּיף אוּנְד
שְׁטֶעל אוֹיף אַ מִזְבֵּחַ אִין דֶער שֵׁייעֶר
פוּן אַרַוְנָה דֶעם יְבוּסִי :
19 אַזוֹי אִיז דָוִד אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ
דֶעם וָוארְט פוּן גָד, אַזוֹי וִויא גָאט
הָאט גֶעבָּאטֶען :
20 אוּנְד אַרַ נָה הָאט גֶעקוּקְט, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס דֶער מֶלֶךְ אוּנְד
זַיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען פַאר אִיהְם
פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי אִיז אַרַוְנָה
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
גֶעבִּיקְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ מִיט זַיין פָּנִים
צוּ דֶער עֶרְד :
21 אוּנְד אַרַוְנָה הָאט גֶעזָאגְט, פַארְ־
וָואס אִיז מֵיין הַאר דֶער מֶלֶךְ גֶעקוּמֶען
צוּ זַיין קְנֶעכְט, אַזוֹי הָאט דָוִד גֶעזָאגְט,
דִיא שֵׁייעֶר פוּן דִיר צוּ קוֹיפֶען, אוּם
אוֹיפְצוּבּוֹיעֶן אַ מִזְבֵּחַ צוּ גָאט, כְּדֵי אַז
דִיא מַגֵּפָה זָאל אָפְּגֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען
פוּן דֶעם פָאלְק :
22 אוּנְד אַרַוְנָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד,
לָאז דָאךְ מֵיין הַאר דֶער קֶענִיג גֶעמֶען
וָואס אִיז גוּט אִין זַיינֶע אוֹיגֶען, זֶעה
הִיעֶר זֶענֶען אָקְסֶען פַאר אַ בְּרַאנְד־
אָפְּפֶער, אוּנְד דִיא דְרֶעשׁ הֶעלְצֶער
אוּנְד כֵּלִים פוּן דִיא רִינְדֶער זָאלֶען
זַיין אַלְס הָאלְץ :
23 דָאס אַלֶעס הָאט אַרַוְנָה גֶעגֶעבֶּען
וִויא אַ מֶלֶךְ צוּ אַ מֶלֶךְ ; אוּנְד אַרַוְנָה
הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, יְהוָה דֵיין
גָאט זָאל דִיךְ וִוילִיג אָנְנֶעמֶען :
24 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אַרַוְנָה, נֵיין ! נֵייעֶרְט אִיךְ וֶועל עֶס פוּן
דִיר גֶעווִיס קוֹיפֶען, אִיךְ וִויל נִיט
מַקְרִיב זַיין צוּ דֶעם הַאר מֵיין גָאט
קָרְבָּנוֹת וָואס קָאסְטֶען מִיךְ נִיט
(בְּחִנָּם) ; אַזוֹי הָאט דָוִד גֶעקוֹיפְט דִיא
שֵׁייעֶר אוּנְד דִיא רִינְדֶער פַאר פִינְפְצִיג
זִילְבֶּערְנֶע שְׁקָלִים :
25 אוּנְד דָוִד הָאט דָארְטֶען גֶעבּוֹיעֶט
אַ מִזְבֵּחַ צוּ גָאט, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְ־
גֶעבְּרַאכְט בְּרַאנְד־אָפְּפֶער, אוּנְד פְרִידְ־
אָפְּפֶער, אַזוֹי הָאט זִיךְ גָאט גֶעלָאזְט
עֶרְבֶּעטֶען וֶוענֶען דֶעם לַאנְד, אוּנְד
דִיא מַגֵּפָה הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט פוּן
יִשְׂרָאֵל :

# חזק

אללע פסוקים פֿון שמואל א אונד ב זענען איין טויזענד פֿינף הונדערט
אונד זעכס ; אונד דיא העלפֿט איז שמואל א קאפיטעל כ״ח,
פֿסוק כ״ד ; אונד האבען צוואמען פֿינף אונד פֿופֿציג קאפיטעל :

# מלכים א

## קאפיטעל א

1 אוּנְד דֶער קֶענִיג דָוִד אִיז אַלְט גֶעוָואָרֶען, עֶר אִיז גֶעוָואָרֶען בֶּעטָאגְט, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם צוּגֶעדֶעקְט מִיט קְלֵיידֶער, אָבֶער עֶר הָאט זִיךְ נִיט עֶרְוַוארֶעמְט׃

2 אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מֶען זָאל זוּכֶען אֵיין יוּנְגפְרוֹיא פַאר מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג, אוּנְד זִיא זָאל שְׁטֶעהְן פַאר דֶעם קֶענִיג אוּנְד זִיא זָאל אִיהְם זֵיין אֵיין וַוארְטֶערִין, אוּנְד זִיא װֶעט לִיגֶען אִין דֵיין שׁוֹיס, אַזוֹי װֶעט זֵיין וַוארֶעם צוּ מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג׃

3 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזוּכְט אֵיינֶע שֵׁיינֶע יוּנְגפְרוֹיא אִין דֶער גַאנְצֶען גְרֶענֶעץ פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעפִינֶען אֲבִישַׁג דִיא שׁוּנַמִית, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיא גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם קֶענִיג׃

4 אוּנְד דִיא יוּנְגפְרוֹיא אִיז זֶעהְר שֵׁיין גֶעװֶעזֶען, אוּנְד זִיא אִיז גֶעװֶעזֶען פַאר דֶעם קֶענִיג אַ וַוארְטֶערִין, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם בֶּעדִינְט, אָבֶער דֶער קֶענִיג הָאט זִיא נִיט בֶּעשְׁלָאפֶען׃

5 אוּנְד אֲדוֹנִיָה בֶּן חַגִית הָאט זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיךְ װֶעל רֶעגִירֶען. אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט רֵייטְוָואגֶען, אוּנְד רֵייטֶער, אוּנְד פוּפְצִיג מַאן זֶענֶען גֶעלָאפֶען פַאר אִיהְם׃

6 אוּנְד זֵיין פָאטֶער הָאט זִיךְ קֵיין מָאל נִיט בֶּעקִימֶערְט, צוּ זָאגֶען, וַוארוּם טְהוּסְט דוּא אַזוֹי? אוּנְד עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעװֶעזֶען זֶעהְר שֵׁיין פוּן גֶעשְׁטַאלְט, אוּנְד אִיהְם הָאט זִיא גֶעבָּארֶען נָאךְ אַבְשָׁלוֹם׃

7 אוּנְד זֵיינֶע (עֶרְשְׁטֶע) רֵייד זֶענֶען גֶעװֶעזֶען מִיט יוֹאָב בֶּן צְרוּיָה, אוּנְד מִיט אֶבְיָתָר הַכֹּהֵן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהָאלְפֶען נָאךְ אֲדוֹנִיָהוּ׃

8 אוּנְד צָדוֹק הַכֹּהֵן, אוּנְד בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע, אוּנְד נָתָן הַנָּבִיא, אוּנְד שִׁמְעִי אוּנְד רֵעִי, אוּנְד דָוִד'ס גִבּוֹרִים זֶענֶען נִיט גֶעװֶעזֶען מִיט אֲדוֹנִיָהוּ׃

9 אוּנְד אֲדוֹנִיָהוּ הָאט גֶעשָׁאכְטֶען שָׁאף אוּנְד רִינְדֶער אוּנְד גֶעשְׁטָאפְּטֶע פִיה בֵּייא דֶעם אֶבֶן־הַזּוֹחֶלֶת וָואס אִיז בֵּייא עֵין רוֹגֵל, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען אַלֶע זֵיינֶע בְּרִידֶער, דִיא בְּנֵי הַמֶּלֶךְ אוּנְד צוּ אַלֶע לֵייטֶע פוּן (שֵׁבֶט) יְהוּדָה דֶעם קֶענִיגְס קְנֶעכְט׃

10 אָבֶער נָתָן דֶעם נָבִיא, אוּנְד בְּנָיָהוּ, אוּנְד דִיא גִבּוֹרִים, אוּנְד זֵיין בְּרוּדֶער שְׁלֹמֹה, הָאט עֶר נִיט גֶערוּפֶען׃

11 אוּנְד נָתָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ בַּת שֶׁבַע, שְׁלֹמֹה'ס מוּטֶער, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, הָאסְט דוּא נִיט גֶעהֶערְט, אַז אֲדוֹנִיָהוּ בֶּן חַגִית אִיז קֶענִיג גֶעוָואָרֶען? אוּנְד אוּנְזֶער הַאר דָוִד, הָאט עֶס נִיט גֶעװוּסְט׃

12 אוּנְד אַצוּנְד, גֶעה, אִיךְ װֶעל דִיר אֵיין עֵצָה גֶעבֶּען, אוּנְד רֶעטְטֶע דֵיין זֶעלֶע אוּנְד דֵיין זוּהְן שְׁלֹמֹה'ס זֶעלֶע׃

13 גֶעה, אוּנְד קוּם צוּ דֶעם קֶענִיג דָוִד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהְם זָאגֶען, הָאסְט דוּא נִיט, מֵיין הַאר קֶענִיג, גֶע־שְׁוָואוֹרֶען צוּ דֵיינֶע דִינְסְט־מוֹיד אַזוֹי צוּ

זָאגֶען, אַז דֵיין זוּהְן שְׁלמה װֶעט קֶענִיגֶען נָאךְ מִיר, אוּנְד עֶר װֶעט זִיצֶען, אויף מֵיין שְׁטוּהְל, אוּנְד װַארוּם קֶענִיגְט אֲדוֹנִיָהוּ ?

14 װָעה װֶען דוּא רֶעדְסְט נָאךְ מִיט דֶעם קֶענִיג, אַזוֹי װֶעל אִיךְ קוּמֶען נָאךְ דִיר, אוּנְד אִיךְ װֶעל בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען דֵיינֶע װֶערְטֶער :

15 אוּנְד בַּת שֶׁבַע אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם קֶענִיג אִין צִימֶער אַרֵיין, אוּנְד דֶער קֶענִיג װַאר זֶעהְר אַלְט ; אוּנְד אֲבִישַׁג הַשּׁוּנַמִּית הָאט דֶעם קֶענִיג בֶּעדִינְט :

16 אוּנְד בַּת שֶׁבַע הָאט זִיךְ גֶענֵייגְט, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּם קֶענִיג, אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעזָאגְט ; װָאס אִיז דִיר ?

17 אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מֵיין הַאר, דוּא הָאסְט גֶעשְׁװָארֶען בֵּייא דֶעם הַאר דֵיין גָאט צוּ דֵיין דִינְסְט, אַז דֵיין זוּהְן שְׁלמה װֶעט קֶענִיגֶען נָאךְ מִיר, אוּנְד עֶר װֶעט זִיצֶען אויף מֵיין שְׁטוּהְל :

18 אוּנְד יֶעצְט, װָעה, אֲדוֹנִיָהוּ רֶעגִירְט, אוּנְד יֶעצְט מֵיין הַאר קֶענִיג װֵייסְט עֶס נִיט :

19 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשָׁאכְטֶען, אָקְסֶען, אוּנְד גֶעשְׁטָאפְּטֶע פִיה זֵייעֶר פִיל אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען צוּ אַלֶע בְּנֵי הַמֶּלֶךְ, אוּנְד צוּ אֶבְיָתָר דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד צוּ דֶעם הוֹיפְּט־מַאן יוֹאָב, אָבֶּער דֵיין קְנֶעכְט שְׁלמה הָאט עֶר נִיט גֶערוּפֶען :

20 אוּנְד דוּא, מֵיין הַאר קֶענִיג, װָאס דִיא אוֹיגֶען פוּן גַאנְץ יִשְׂרָאֵל (קוּקֶען) אויף דִיר, אוּם זֵייא צוּ זָאגֶען, װֶער עֶס זָאל זִיצֶען אויף מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג׳ס שְׁטוּהְל נָאךְ אִיהְם :

21 אוּנְד עֶס װֶעט זֵיין, װֶען מֵיין הַאר דֶער קֶענִיג װֶעט זִיךְ לֵייגֶען מִיט זֵיינֶע עֶלְטֶערְן, װֶעל אִיךְ זֵיין מִיט מֵיין זוּהְן שְׁלמה אַלְס זִינְדִיגֶע :

22 אוּנְד װֶעהְרֶענְד זִיא הָאט נָאךְ גֶערֶעט מִיט דֶעם קֶענִיג, אִיז נָתָן הַנָּבִיא גֶעקוּמֶען :

23 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם קֶענִיג אַזוֹי צוּ זָאגֶען, װָעה, נָתָן דֶער נָבִיא, אוּנְד אַלְס עֶר אִיז גֶעקוּמֶען פַאר דֶעם קֶענִיג, הָאט עֶר זִיךְ גֶעבִּיקְט פַאר דֶעם קֶענִיג אויף זֵיין אָנְגֶעזִיכְט צוּ דֶער עֶרְד :

24 אוּנְד נָתָן הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין הַאר קֶענִיג, הָאסְט דוּא גֶעזָאגְט אַז אֲדוֹנִיָהוּ װֶעט קֶענִיגֶען נָאךְ מִיר ? אוּנְד עֶר װֶעט זִיטְצֶען אויף מֵיין שְׁטוּהְל ?

25 װָארִין עֶר הָאט הֵיינְט אַרָאפּ גֶענִידֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשָׁאכְטֶען אָקְסֶען, אוּנְד גֶעשְׁטָאפְּטֶע פִיה אוּנְד פִיל שָׁאף, אוּנְד הָאט גֶערוּפֶען צוּ אַלֶע קֶענִיגְס זִיהְן, אוּנְד צוּ דִיא הוֹיפְּט־לֵייטֶע, אוּנְד צוּ אֶבְיָתָר דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד װָעה, זֵייא עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען פַאר אִיהְם, אוּנְד זָאגֶען, דֶער קֶענִיג אֲדוֹנִיָהוּ זָאל לֶעבֶּען :

26 אוּנְד מִיךְ דֵיין קְנֶעכְט, אוּנְד צָדוֹק הַכֹּהֵן, אוּנְד בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע, אוּנְד דֵיין קְנֶעכְט שְׁלמה הָאט עֶר נִיט גֶערוּפֶען :

27 אוֹיבּ דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ אִיז גֶעװָארֶען פוּן מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג—אוּנְד דוּא הָאסְט נִיט צוּ װִיסֶען גֶעגֶעבֶּען דֵיין קְנֶעכְט—װֶער עֶס זָאל זִיצֶען אויף מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיגְס שְׁטוּהְל נָאךְ אִיהְם ?

28 אוּנְד דֶער קֶענִיג דָוִד הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, רוּפְט

מִיר בַּת־שֶׁבַע, אוּנְד זִיא אִיז גֶעקוּמֶען פַאר דֶעם קֶענִיג, אוּנְד זִיא אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר דֶעם קֶענִיג :

29 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעשְׁוָוארֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי וָואהְר וִויא גָאט לֶעבְּט, וָואס עֶר הָאט אוֹיסְגֶעלֵייזְט מֵיין זֶעעֶלֶע פוּן אַלֶע צָרוֹת :

30 דָאס, וִויא אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶעשְׁוָוארֶען, בַּייא דֶעם הַאר דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַז דֵיין זוּהְן שְׁלֹמֹה וֶועט קֶענִיגֶען נָאךְ מִיר, אוּנְד עֶר וֶועט זִיטְצֶען אוֹיף מֵיין שְׁטוּהְל אַנְשְׁטָאט מִיר ; אַזוֹי וֶועל אִיךְ עֶס דֶעם דָאזִיגֶען טָאג טְהוּן :

31 אוּנְד בַּת־שֶׁבַע הָאט זִיךְ גֶענֵייגְט מִיט דֶעם פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶעם קֶענִיג, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, עֶס זָאל לֶעבֶּען דֶער קֶענִיג דָוִד אוֹיף אֵייבִּיג :

32 אוּנְד דֶער קֶענִיג דָוִד הָאט גֶעזָאגְט ; רוּפְט צוּ מִיר צָדוֹק הַכֹּהֵן אוּנְד נָתָן הַנָּבִיא אוּנְד בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען פַאר דֶעם קֶענִיג :

33 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט ; גֶעמְט מִיט אֵייךְ אֵייעֶער הַאר'ס קְנֶעכְט, אוּנְד אִיהְר זָאלְט מַאכֶען רֵייטֶען מֵיין זוּהְן שְׁלֹמֹה אוֹיף מֵיין מוֹיל־אֵייזֶעל, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אִיהְם אַרוּפְּפִיהְרֶען צוּ דֶעם (טֵייךְ) גִּחוֹן :

34 אוּנְד צָדוֹק הַכֹּהֵן, אוּנְד נָתָן הַנָּבִיא, זָאלֶען אִיהְם דָארְטֶען זַאלְבֶּען פַאר אֵיין קֶענִיג אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיהְר זָאלְט בְּלָאזֶען מִיט דֶעם שׁוֹפָר, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זָאגֶען ; ”עֶס זָאל לֶעבֶּען דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה“ :

35 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אַרוֹיפְגֵיין נָאךְ אִיהְם, אוּנְד עֶר זָאל קוּמֶען, אוּנְד עֶר זָאל זִיצֶען אוֹיף מֵיין שְׁטוּהְל, אוּנְד עֶר וֶועט קֶענִיגֶען אַנְשְׁטָאט מִיר, אוּנְד אִיהְם הָאבּ אִיךְ גֶעבָּאטֶען צוּ זֵיין אַ פִירְשְׁט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אוּנְד יְהוּדָה :

36 אוּנְד בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶעם קֶענִיג, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט ; אָמֵן, אַזוֹי זָאל יְהוָֹה זָאגֶען, דֶער גָאט פוּן מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג :

37 וִויא דֶער הַאר גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם הַאר דֶעם קֶענִיג, אַזוֹי זָאל עֶר זֵיין מִיט שְׁלֹמֹה אוּנְד עֶר וֶועט גְרֶעסֶער מַאכֶען זֵיין שְׁטוּהְל אַלְס מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג דָוִד'ס שְׁטוּהְל :

38 אוּנְד צָדוֹק הַכֹּהֵן הָאט אַרוּפְּגֶענִידֶערְט, אוּנְד אוֹיךְ נָתָן הַנָּבִיא אוּנְד בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע, אוּנְד דֶער כְּרֵתִי אוּנְד דֶער פְּלֵתִי, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען שְׁלֹמֹה'ן גֶעמַאכְט רֵייטֶען אוֹיף דֶעם קֶענִיג דָוִד'ס מוֹיל־אֵייזֶעל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפִיהְרְט צוּ דֶעם (טֵייךְ) גִּחוֹן :

39 אוּנְד צָדוֹק הַכֹּהֵן הָאט גֶענוּמֶען דֶעם אֵיילְהָארְן פוּן גֶעצֶעלְט, אוּנְד עֶר הָאט שְׁלֹמֹה'ן גֶעזַאלְבְּט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען מִיט דֶעם שׁוֹפָר, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאבֶּען גֶעזָאגְט ; ”דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה זָאל לֶעבֶּען“ :

40 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זֶענֶען אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ אִיהְם, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאבֶּען גֶעפֵייפְט מִיט פְלֵייטֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְרֵייט מִיט אֵיין גְרוֹיסֶע פְרֵייד, דָאס דִיא עֶרְד הָאט זִיךְ צוּשְׁפָּאלְטֶען פוּן זֵייעֶר גֶעשְׁרֵייא :

41 אוּנְד אֲדוֹנִיָּהוּ הָאט עֶס גֶעהֶערְט, אוּנְד אוֹיךְ אַלֶע אֵיינְגֶעלַאדֶענֶע וָואס

וָועגֶען מִיט אִיהְם גֶעוָועזֶען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען (דָאן) גֶעעֶנְדִיגְט צוּ עֶסֶען, אוּנְד
יוֹאָב הָאט דֶערְהֶערְט דָאס קוֹל פוּן
שׁוֹפָר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט; וַוארוּם
רוֹישְׁט דָאס גֶעשְׁרֵייא אִין שְׁטָאט?
42 אַזוֹי וִויא עֶר רֶעט נָאךְ, אוּנְד
זֶעה, אִיז יוֹנָתָן בֶּן אֶבְיָתָר דֶער כֹּהֵן
גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט אֲדוֹנִיָהוּ גֶעזָאגְט;
קוּם אַרֵיין, וָוארִין דוּא בִּיזְט אֵיין בֶּן
חַיִל, אוּנְד דוּא וֶועסְט גוּטֶעס מְבַשֵּׂר
זַיין:
43 אַזוֹי הָאט יוֹנָתָן גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אֲדוֹנִיָה, אָבֶּער
אוּנְזֶער הַאר דֶער קֶענִיג דָוִד הָאט
שְׁלֹמֹה'ן גֶעמַאכְט קֶענִיגֶען:
44 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט מִיט אִיהְם
גֶעשִׁיקְט צָדוֹק דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד נָתָן
דֶעם נָבִיא, אוּנְד בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע
אוּנְד דִיא כְּרֵתִי אוּנְד דִיא פְּלֵתִי, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעמַאכְט רֵייטֶען
אוֹיף דֶעם קֶענִיג'ס מוֹיל-אֵייזֶעל:
45 אוּנְד צָדוֹק הַכֹּהֵן, אוּנְד נָתָן הַנָבִיא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעזַאלְבְּט פַאר אַ קֶענִיג,
בֵּייא גִחוֹן, אוּנְד זֵייא זֶענֶען פוּן דָארְטֶען
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פְרֵיילִיךְ, אוּנְד דִיא שְׁטָאט
הָאט גֶעטוּמֶעלְט. דָאס אִיז דָאס גֶע-
שְׁרֵייא וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט:
46 אוּנְד שְׁלֹמֹה זִיצְט אוֹיךְ שׁוֹין אוֹיף
דֶעם שְׁטוּהְל פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ:
47 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם קֶענִיג
זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ בֶּענְשֶׁען אוּנְזֶער
הַאר דֶעם קֶענִיג דָוִד אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
גָאט זָאל בֶּעסֶער מַאכֶען שְׁלֹמֹה'ס
נָאמֶען אַלְס דַיין נָאמֶען, אוּנְד זָאל
גְרֶעסֶער מַאכֶען זַיין שְׁטוּהְל אַלְס דַיין
שְׁטוּהְל, אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט זִיךְ
גֶעבִּיקְט אוֹיף דֶעם גֶעלֶעגֶער:
48 אוּנְד אַזוֹי הָאט אוֹיךְ דֶער קֶענִיג
גֶעזָאגְט, גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער הַאר דֶער
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס הָאט הֵיינְט גֶע-
גֶעבֶּען אֵיין זִיצֶער אוֹיף מֵיין שְׁטוּהְל,
אוּנְד מֵיינֶע אוֹיגֶען זֶעהֶען (דָאס):
49 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען,
אוּנְד אַלֶע דִיא גֶעלַאדֶענֶע פוּן אֲדוֹנִיָהוּ
זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זֶענֶען
גֶעגַאנְגֶען יֶעדֶערֶער צוּ זַיין וֶועג:
50 אוּנְד אֲדוֹנִיָה הָאט מוֹרָא גֶעהַאט
פַאר שְׁלֹמֹה, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶע-
שְׁטַאנֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
הָאט אָנְגֶענוּמֶען אָן דִיא הֶערְנֶער פוּן
דֶעם מִזְבֵּחַ:
51 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען
צוּ שְׁלֹמֹה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דָאס אֲדוֹנִיָה
הָאט מוֹרָא פַאר דֶעם קֶענִיג שְׁלֹמֹה,
אוּנְד זֶעה, עֶר הָאט אָנְגֶענָאמֶען אָן
דִיא הֶערְנֶער פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה זָאל מִיר
הֵיינְט שְׁוֶוערֶען אוֹיבּ עֶר וֶועט טֵייטֶען
זַיין קְנֶעכְט מִיט דֶעם שְׁוֶוערְט:
52 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעזָאגְט, אוֹיבּ
עֶר וֶועט זַיין אַ הֶעלְד וֶועט נִיט פַאלֶען
פוּן זֵיינֶע הָאר צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד
אוֹיבּ עֶס וֶועט אִין אִיהְם שְׁלֶעכְטֶעס
גֶעפוּנֶען וֶוערֶען זָאל עֶר שְׁטַארְבֶּען:
53 אוּנְד דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה הָאט
גֶעשִׁיקְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
אַרוּפְגֶענוּמֶען פוּן מִזְבֵּחַ, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ
דֶעם קֶענִיג שְׁלֹמֹה, אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט
גֶעזָאגְט, גֵייא צוּ דַיין הוֹיז:

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד (אַלְס) דָוִד'ס טֶעג זֶענֶען
נָאהְנְט גֶעקוּמֶען צוּ שְׁטַארְבֶּען, אַזוֹי
הָאט עֶר גֶעבָּאטֶען צוּ זַיין זוּהְן שְׁלֹמֹה

אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

2 אִיךְ גֶעה אִין דֶעם וֶועג פוּן אַלֶע
פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ
שְׁטַארְקֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַיין אַ
מֶענְשׁ:

3 אוּנְד זָאלְסְט הִיטֶען דִיא הִיטוּנְג פוּן
דֶעם הַאר דַיין גָאט, צוּ גֶעהְן אִין
זַיינֶע וֶועגֶען, צוּ הִיטֶען זַיינֶע גֶעזֶעץ,
זַיינֶע מִצְוֹת, אוּנְד זַיינֶע מִשְׁפָּטִים,
אוּנְד זַיינֶע צֵיינְגְנִיסֶע, וִויא עֶס אִיז גֶע־
שְׁרִיבֶּען אִין תּוֹרַת־מֹשֶׁה, אַז דוּא
זָאלְסְט בֶּעגְלִיקֶען אִין אַלֶעם וָואס דוּא
וֶועסְט טְהוּן, אוּנְד אִין אַלֶעם וָואס דוּא
וֶועסְט דִיךְ דָארְטֶען וֶוענְדֶען:

4 כְּדֵי דֶער הַאר זָאל עֶרְפִילֶען זַיינֶע
רֵייד וָואס עֶר הָאט גֶערֶעדט אוֹיף מִיר
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען דַיינֶע זִיהְן וֶועלֶען
הִיטֶען זֵייעֶר וֶועג, צוּ גֵיין פַאר מִיר
מִיט אֶמֶת, מִיט זֵייעֶר גַאנְצֶע הֶערְצֶער,
אוּנְד מִיט זֵייעֶר גַאנְצֶע זֶעעלֶע, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, עֶס וֶועט דִיר נִיט פֶערְשְׁנִי־
טֶען וֶוערֶען אַיין מַאן פוּן יִשְׂרָאֵל'ס
טְרוֹן־שְׁטוּהְל:

5 אוּנְד דוּא וֵייסְט אוֹיךְ דָאס וָואס
יוֹאָב בֶּן צְרוּיָה הָאט מִיר גֶעטְהוּן, אוּנְד
וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ דִיא צְוֵוייא
הוֹיפְּטְלֵייטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, צוּ אַבְנֵר בֶּן
נֵר, אוּנְד צוּ עֲמָשָׂא בֶּן יֶתֶר, אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא גֶעטֵייטֶעט אוּנְד עֶר הָאט
פַארְגָאסֶען קְרִיגְס־בְּלוּט אִין פְרִידֶען,
אוּנְד הָאט גֶעגֶעבֶּען קְרִיגְס־בְּלוּט אוֹיף
זַיין גַארְטֶעל וָואס אִיז אוֹיף זַיינֶע
לֶענְדֶען אוּנְד אַן זַיינֶע שִׁיךְ וָואס
וָוענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף זַיינֶע פִּיס:

6 אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן נָאךְ דַיינֶע
קְלוּגְהֵייט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט לָאזֶען
אַרוּפְגֵיין זַיינֶע גְרוֹיעֶ הָאר מִיט פְרִידֶען
אִין דִיא גְרוּבּ:

7 אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן בַּרְזִלַּי
הַגִּלְעָדִי זָאלְסְט דוּא טְהוּן חֶסֶד, אוּנְד
זֵייא זָאלֶען זַיין צְווִישֶׁען דִיא פוּן דַיין
טִישׁ, ווייל זֵייא הָאבֶּען מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען
צוּ מִיר אַלְס אִיךְ בִּין עֶנְטְלָאפֶען גֶע־
וָוארֶען פַאר דַיין בְּרוּדֶער אַבְשָׁלוֹם:

8 אוּנְד זֶעה, מִיט דִיר אִיז שִׁמְעִי בֶּן
גֵּרָא פוּן שֵׁבֶט בִּנְיָמִן פוּן בַּחוּרִים, אוּנְד
עֶר הָאט מִיךְ גֶעפְלוּכְט מִיט אַ שְׁטַארְקֶע
קְלָלָה אִין דֶעם טָאג וָואס אִיךְ בִּין
גֶעגַאנְגֶען נָאךְ מַחֲנַיִם, אוּנְד (אַלְס) עֶר
אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען עֶנְטְקֶעגֶען מִיר צוּ
דֶעם יַרְדֵן, הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁוָוארֶען בֵּייא
גָאט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אוֹיבּ אִיךְ וֶועל
דִיךְ טֵייטֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְט:

9 אוּנְד אַצוּנְד זָאלְסְט דוּא אִיהְם נִיט
אוּמְגֶעשְׁטְרָאפְט לָאזֶען, דֶען דוּא בִּיזְט
אַיין קְלוּגֶער מַאן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
ווִיסֶען, וָואס דוּא זָאלְסְט אִיהְם טְהוּן,
אוּנְד זָאלְסְט לָאזֶען אַרוּפְגֵיין זַיינֶע
גְרוֹיעֶ הָאר מִיט בְּלוּט אִין דִיא גְרוּבּ:

10 אוּנְד דָוִד הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט
זַיינֶע עֶלְטֶערֶען (גֶעשְׁטָארְבֶּען), אוּנְד עֶר
אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען אִין דָוִד'ס
שְׁטָאט:

11 אוּנְד דִיא טֶעג וָואס דָוִד הָאט
גֶעקֶענִיגְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל (אִיז גֶעוֶועזֶען)
פִירְצִיג יָאהְר; אִין חֶבְרוֹן הָאט עֶר גֶע־
קֶענִיגְט זִיבֶּען יָאהְר אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם
הָאט עֶר גֶעקֶענִיגְט דְרֵייא אוּנְד
דְרֵייסִיג יָאהְר:

12 אוּנְד שְׁלֹמֹה אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף
זַיין פָאטֶער דָוִד'ס שְׁטוּהְל, אוּנְד זַיין
קֶענִיגְרֵייךְ אִיז זֶעהְר פֶעסְט גֶעגְרִינְדֶעט
גֶעוָוארֶען:

13 אוּנְד אֲדוֹנִיָּהוּ בֶּן חַגִּית אִיז גֶע־

קוּמֶען צוּ בַּת־שֶׁבַא דִיא מוּטֶער פוּן שְׁלמֹה, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אִיז דַיין קוּמֶען אִין פְרִידֶען? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִין פְרִידֶען:

14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ מִיט דִיר עֶפֶּעס צוּ רֶעדֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, רֶעד:

15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא ווייסְט אַז דָאס קֶענִיגְרַייךְ אִיז גֶעוֶועזֶען מֵיין, אוּנְד אוֹיף מִיר הָאט גַאנְץ יִשְׂרָאֵל גֶעטְּהוּן זֵייעֶר גֶעזִיכְט אַז אִיךְ זָאל אִיבֶּער זֵייא קֶענִיגֶען, אוּנְד דָאס קֶע־נִיגְרַייךְ הָאט זִיךְ אָפְּגֶעוֶוענְדֶעט, אוּנְד אִיז גֶעוָוארֶען צוּ מֵיין בְּרוּדֶער, וַוייל פוּן גָאט אִיז דָאס אִיהְם גֶעוָוארֶען:

16 אוּנְד יֶעצְט, אֵיינֶע קְלֵיינֶע בִּיטֶע, בֶּעטֶע אִיךְ פוּן דִיר, דוּא זָאלְט מִיר נִיט אָפְּזָאגֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, רֶעד:

17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זָאג נָאר צוּ דֶעם קֶענִיג שְׁלמֹה, וָוארִין עֶר וֶועט דִיר נִיט אָפְּזָאגֶען, דָאס עֶר זָאל מִיר גֶעבֶּען דִיא אֲבִישַׁג הַשּׁוּנַמִּית פַאר אַ פְרוֹיא:

18 אוּנְד בַּת שֶׁבַע הָאט גֶעזָאגְט, גוּט, אִיךְ וֶועל רֶעדֶען וֶועגֶען דִיר מִיט דֶעם קֶענִיג:

19 אוּנְד בַּת שֶׁבַע אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם קֶענִיג שְׁלמֹה, צוּ רֶעדֶען מִיט אִיהְם וֶועגֶען אֲדוֹנִיָּהוּ, אוּנְד דֶער קֶענִיג אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִיהְר עֶנְטְקֶעגֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ צוּ אִיהְר גֶעבּוּקְט, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף זֵיין שְׁטוּהְל, אוּנְד הָאט גֶעשְׁטֶעלְט אַ שְׁטוּהְל פַאר דִיא מוּטֶער פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּ זֵיין רֶעכְטֶער הַאנְד:

20 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אֵיינֶע קְלֵיינֶע בִּיטֶע בֶּעטֶע אִיךְ פוּן דִיר, דוּא זָאלְסְט מִיר נִיט אָפְּזָאגֶען, אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, רֶעד מֵיינֶע מוּטֶער, וָוארִין אִיךְ וֶועל דִיר נִיט אָפְּזָאגֶען:

21 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, לָאז אֲבִישַׁג הַשּׁוּנַמִּית גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ דַיין בְּרוּדֶער אֲדוֹנִיָּהוּ, פַאר אַ פְרוֹיא:

22 אוּנְד דֶער קֶענִיג שְׁלמֹה הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד וָוארוּם בֶּעטֶעסְט דוּא (נוּר) דִיא אֲבִישַׁג הַשּׁוּנַמִּית פַאר אֲדוֹנִיָּהוּ? אוּנְד בֶּעט פוּן זֵיינֶעטְוֶועגֶען דָאס קֶענִיגְרַייךְ, וַוייל עֶר אִיז דָאךְ מֵיין גְרֶעסֶערֶער בְּרוּדֶער פַאר מִיר, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ אֶבְיָתָר דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד יוֹאָב בֶּן צְרוּיָה:

23 אוּנְד דֶער קֶענִיג שְׁלמֹה הָאט גֶעשְׁוָוארֶען בֵּייא דֶעם הַאר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי זָאל מִיר גָאט טְהוּן, אוּנְד אַזוֹי זָאל עֶר מֶעהְר (טְהוּן) אוֹיבּ בֵּייא זֵיין לֶעבֶּען, הָאט אֲדוֹנִיָּהוּ גֶערֶעט דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ:

24 אוּנְד אַצוּנְד, אַזוֹי וָואהְר וִויא דֶער הַאר לֶעבְּט, וָואס עֶר הָאט מִיךְ בֶּע־פֶעסְטִיגְט, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן מֵיין פָאטֶער דָוִד, אוּנְד וָואס עֶר הָאט מִיר גֶעמַאכְט אַ הוֹיז וִויא עֶר הָאט גֶערֶעט, דָאס הַיינְט זָאל אֲדוֹנִיָּהוּ גֶעטֵייט וֶוערֶען:

25 אוּנְד דֶער קֶענִיג שְׁלמֹה הָאט גֶעשִׁיקְט דוּרְךְ בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען:

26 אוּנְד צוּ אֶבְיָתָר דֶעם כֹּהֵן, הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט, גֵייא נָאךְ עֲנָתוֹת

אויף דַיין פֶעלְד, ווייל דוא בִּיזט אַ מַאן
וָואס אִיז חַיָב מִיתָה, אָבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען
טָאג וֶועל אִיךְ דִיךְ נִיט טֵייטֶען, ווייל
דוא הָאסְט גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן
דֶעם הַאר גָאט פַאר מֵיין פָאטֶער דָוִד,
אוּנְד ווייל דוא הָאסְט דִיךְ גֶעפּייניגְט
אִיבֶּעראַל וְואוּ מֵיין פָאטֶער הָאט זִיךְ
גֶעפּייניגְט:

27 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט פֶערְטְרִיבֶּען דֶעם
אֶבְיָתָר פוּן צוּ זַיין אַ כֹּהֵן צוּ דֶעם
הַאר, צוּ בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען דִיא רֵייד פוּן
דֶעם הַאר וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט אויף
דֶעם הויז עֵלִי, אִין שִׁילוֹה:

28 אוּנְד דִיא נָאכְרִיכְט אִיז גֶעקוּמֶען בִּיז
צוּ יוֹאָב, וָוארִין יוֹאָב הָאט זִיךְ גֶענֵייגְט
נָאךְ אֲדוֹנִיָהוּ, אָבֶּער נָאךְ אַבְשָׁלוֹם הָאט
עֶר זִיךְ נִיט גֶענֵייגְט, אוּנְד יוֹאָב אִיז
אַנְטְלָאפֶען צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶעם
הַאר, אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא
דִיא הֶערְנֶער פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ:

29 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען
צוּ דֶעם קֶענִיג שְׁלֹמֹה, דָאס יוֹאָב אִיז
אַנְטְלָאפֶען צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶעם
הַאר, אוּנְד עֶר אִיז בֵּייא דֶעם מִזְבֵּחַ,
אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעשִׁיקְט דֶעם בְּנָיָהוּ
בֶּן יְהוֹיָדָע, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גֵייא, אוּנְד
עֶרְשְׁלָאג אִיהְם:

30 אוּנְד בְּנָיָהוּ אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם
גֶעצֶעלְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט דֶער
קֶענִיג גֶעזָאגְט, גֵייא אַרוֹיס, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, נֵיין, וָוארִין דָא ווִיל אִיךְ
שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד בְּנָיָהוּ הָאט ווִידֶער
גֶעקֶעהְרְט דֶעם קֶענִיג אֵיין אַנְטְוָוארְט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי הָאט יוֹאָב גֶערֶעט,
אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר מִיר גֶעעֶנְטְפֶערְט:

31 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, טְהוּא ווִיא עֶר הָאט גֶערֶעט,
אוּנְד עֶרְשְׁלָאג אִיהְם, אוּנְד בֶּעגְרָאבּ
אִיהְם, אוּנְד דוא זָאלְסְט אַרָאפְּנֶעמֶען
דִיא אוּמְזִיסְטֶע בְּלוּט וָואס יוֹאָב הָאט
פֶערְגָאסֶען, פוּן מִיר אוּנְד פוּן מֵיין
פָאטֶער'ס הויז:

32 אוּנְד דֶער הַאר וֶועט צוּרִיקְקֶעהְרֶען
זַיין בְּלוּט אויף זַיין קָאפּ, וָוארִין עֶר
הָאט עֶרְשְׁלָאגֶען צְווייא גֶערֶעכְטֶע
מֶענְשֶׁען, אוּנְד בֶּעסֶערֶע אַלְס עֶר, אוּנְד
עֶר הָאט זֵייא גֶעטֵייט מִיט דֶעם
שְׁווערְד,—אָבֶּער מֵיין פָאטֶער דָוִד הָאט
דֶערְפוּן נִיט גֶעווְאוּסְט—אַבְנֵר בֶּן נֵר
דֶעם הויפְּטְמַאן פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד עֲמָשָׂא
בֶּן יֶתֶר, דֶעם הויפְּטְמַאן פוּן יְהוּדָה:

33 אוּנְד זֵייעֶר בְּלוּט זָאל צוּרִיקְקוּמֶען
אויף דֶעם קָאפּ פוּן יוֹאָב, אוּנְד אויף
דִיא קֶעפּ פוּן זַיינֶע קִינְדֶער אויף
אֵיבִּיג, אוּנְד צוּ דָוִד אוּנְד זַיינֶע קִינְ־
דֶער, אוּנְד צוּ זַיין הויז אוּנְד צוּ זַיין
שְׁטוּהְל וֶועט זַיין שָׁלוֹם אויף אֵייבִּיג,
פוּן דֶעם הַאר:

34 אוּנְד בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע אִיז אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם עֶר־
שְׁלָאגֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעטֵייט,
אוּנְד עֶר אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען
בֵּייא זַיין הויז אִין דֶער מִדְבָּר:

35 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט
בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע אויף זַיינֶע שְׁטֶעלֶע
אִיבֶּער דֶעם חַיִל, אוּנְד צָדוֹק דֶעם
כֹּהֵן הָאט דֶער קֶענִיג אָנְגֶעשְׁטֶעלְט אויף
אֶבְיָתָר'ס שְׁטֶעלֶע:

36 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעשִׁיקְט,
אוּנְד הָאט גֶערוּפֶען צוּ שִׁמְעִי אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם, בּויעֶ דִיר אַ
הויז אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דוא זָאלְסְט
דָארְטֶען וָואוינֶען, אוּנְד דוא זָאלְסְט נִיט

ארויסגיין

אַרויסְגֵיין פוּן דָארְטֶען אַהִין אָדֶער אַהֶער:
37 אוּנְד עֶס װעט זַיין אִין דֶעם טָאג
אַלְס דוּא װעסְט אַרִיבֶּערְגֵיין דֶעם טַייךְ
קִדְרוֹן, זָאלְסְט דוּא װִיסֶען אַז דוּא
װעסְט שְׁטַארְבֶּען, דַיין בְּלוּט װעט זַיין
אויף דַיין קָאפּ:
38 אוּנְד שִׁמְעִי הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
קֶענִיג גוּט, װִיא מַיין הַאר קֶענִיג הָאט
גֶערֶעדט אַזוֹי װעט דַיין קְנֶעכְט טְהוּן,
אוּנְד שִׁמְעִי הָאט גֶעװָאוינְט אִין יְרוּשָׁלַיִם
אַ לַאנְגֶע צַייט:
39 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אַם עֶנְדֶע
פוּן דְרַייא יָאהְר, זֶענֶען שִׁמְעִי'ס צְװַייא
קְנֶעכְט עֶנְטְלָאפֶען גֶעװָארֶען צוּ אָכִישׁ
בֶּן מַעֲכָה דֶעם קֶענִיג פוּן גַת, אוּנְד
מֶען הָאט אָנְגֶעזָאגְט צוּ שִׁמְעִי, זֶעה,
דַיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען אִין גַת:
40 אוּנְד שִׁמְעִי אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּנְד הָאט אָנְגֶעזַאטֶעלְט זַיין אֵייזֶעל,
אוּנְד אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ גַת צוּ אָכִישׁ,
אוּם צוּ זוּכֶען זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד
שִׁמְעִי אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶע־
בְּרַאכְט זַיינֶע קְנֶעכְט פוּן גַת:
41 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעװָארֶען
צוּ שְׁלֹמֹה, אַז שִׁמְעִי אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען
פוּן יְרוּשָׁלַיִם נָאךְ גַת, אוּנְד אִיז
צוּרִיקְגֶעקוּמֶען:
42 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעשִׁיקְט
אוּנְד הָאט גֶערוּפֶען שִׁמְעִי, אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם, הָאבּ אִיךְ דִיךְ נִיט
בֶּעשְׁװָארֶען בַּייא דֶעם הַאר? אוּנְד
אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעװָארֶענְט אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, אִין דֶעם טָאג װָאס דוּא װעסְט
אַרויסְגֵיין, אוּנְד װעסְט גֵיין אַהִין אָדֶער
אַהֶער זָאלְסְט דוּא װִיסֶען אַז דוּא
װעסְט שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דוּא הָאסְט צוּ
מִיר גֶעזָאגְט, דִיא זַאךְ אִיז גוּט, װָאס
אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט:
43 אוּנְד װָארוּם הָאסְט דוּא נִיט גֶעהִיט
(נָאךְ) דֶער שְׁבוּעָה פוּן יְהוָֹה, אוּנְד דָאס
גֶעבָּאט װָאס אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען?
44 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעזָאגְט צוּ
שִׁמְעִי, דוּא װֵייסְט אַלֶעס דָאס בֵּייזֶע
װָאס דַיין הַארְץ הָאט גֶעװִאוּסְט, װָאס
דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן צוּ מַיין פָאטֶער
דָוִד, אוּנְד דֶער הַאר הָאט בֶּעצָאהְלְט
דַיינֶע בֵּייזְהַייט אויף דַיין קָאפּ:
45 אוּנְד דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה זָאל זַיין
גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנְד דָוִד'ס שְׁטוּהְל װעט בֶּע־
פֶעסְטִיגְט זַיין פַאר יְהוָֹה, אויף אֵייבִּיג:
46 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט בֶּעפוֹילֶען
בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע, אוּנְד עֶר אִיז אַרויסְ־
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם עֶרְ־
שְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
אוּנְד דָאס קֶענִיגְרֵייךְ אִיז בֶּעפֶעסְטִיגְט
גֶעװָארֶען אִין דֶער הַאנְד פוּן שְׁלֹמֹה:

קאפיטעל ג

1 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט זִיךְ מִתְחַתֵּן גֶע־
װֶעזֶען מִיט פַּרְעֹה, דֶעם קֶענִיג פוּן
מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען פַּרְעֹה'ס
טָאכְטֶער, אוּנְד הָאט זִיא גֶעבְּרַאכְט
אִין דָוִד'ס שְׁטָאט אַרַיין בִּיז עֶר הָאט
גֶעעֶנְדִיגְט צוּ בּוֹיעֶן זַיין הויז, אוּנְד
דָאס הויז פוּן גָאט, אוּנְד דִיא מוֹיעֶרֶען
אַרוּם יְרוּשָׁלַיִם:
2 נוּר דָאס פָאלְק הָאט נָאךְ גֶעשָׁאכְטֶען
אויף דִיא בָּמוֹת (הַייכֶען) װָארִין עֶס אִיז
נָאךְ נִיט גֶעבּויט גֶעװָארֶען אֵיין הויז צוּ
דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט, בִּיז צוּ יֶענֶער צַייט:
3 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעלִיבְּט גָאט,
צוּ גֶעהְן נָאךְ דִיא גֶעזֶעצֶע פוּן זַיין
פָאטֶער דָוִד, אָבֶּער עֶר הָאט גֶעשָׁאכְטֶען
אויף דִיא בָּמוֹת (קָרְבָּנוֹת) אוּנְד עֶר
הָאט גֶערֵייכֶערְט:

אוּנְד

4 אונד דער קעניג איז געגאנגען נאך
גבעון, דארט צו שעכטען, וואָרין דיא
איז געוועזען דיא גרעסטע במה;
טויזענד בראנד־אָפּפער האט שלמה
אויף יענעם מזבח אויפגעבראכט:
5 אין גבעון האט דער האר גאט
זיך בעוויזען צו שלמה אין א חלום
ביא נאכט, אונד גאט האט געזאגט,
פערלאנג, וואס זאל איך דיר געבען:
6 אונד שלמה האט געזאגט, דוא
האסט געטהון מיט דיין קנעכט, מיין
פאטער דוד גרויסע גנאד, וויא ער
איז פאר דיר געגאנגען אין טרייהייט,
אונד אין גערעכטיגקייט, אונד מיט א
רעכטפערטיג הארץ מיט דיר, אונד
דוא האסט איהם געהיט דיא דאזיגע
גרויסע גנאד, אונד האסט איהם גע־
געבען איין זוהן וואס זיצט אויף זיין
שטוהל אזוי וויא דעם דאזיגען טאג:
7 אונד אצונד, מיין האר גאט, דוא
האסט געמאכט קעניגען דיין קנעכט
אנשטאט מיין פאטער דוד, אונד איך
בין איין קליינער יונג, איך וויים ניט
(מיין) אויסגאנג אונד איינגאנג:
8 אונד דיין קנעכט (איז) צווישען
דיין פאלק וואס דוא האסט אויס־
דערוויילט, איין גרויס פאלק, וואס
קען ניט געציילט ווערען, אונד ניט
גערעכענט ווערען פון וועגען פילהייט:
9 דוא זאלסט געבען דיין קנעכט
איין הארץ, וואס פערשטייט צו ריכ־
טען דיין פאלק, צו פערשטיין צווישען
גוטעס אונד שלעכטעס, וואָרין ווער
קען דיין דאזיגעס מעכטיגעס פאלק
ריכטען?
10 אונד דיא זאך איז וואוילגעפאלען
אין דיא אויגען פון דעם האר,
דאס שלמה האט געבעטען דיא דאזיגע
זאך:
11 אונד גאט האט צו איהם געזאגט,
וויל דוא האסט געבעטען דיא דאזיגע
זאך, אונד דוא האסט דיר ניט גע־
בעטען לאנגע יאהרען, אונד דוא
האסט דיר ניט געבעטען רייכטהום,
אונד האסט ניט געבעטען דיינע פיינד'ס
לעבען, אונד האסט דיר געבעטען צו
(פערשטיין) צו ריכטען:
12 זעה, איך האב געטהון נאך דיינע
ווערטער, זעה, איך האב דיר געגעבען
איין קלוגעס אונד פערשטענדיגעס
הארץ, וואס גלייך צו דיר איז ניט
געוועזען פאר דיר, אונד נאך דיר
וועט ניט אויפשטיין גלייך וויא דוא:
13 אונד אויך וואס דוא האסט ניט
געבעטען, האב איך דיר אויך געגעבען,
אויך רייכטהום, אויך עהרע, אונד
אז עס וועט ניט זיין איין מענש וויא
דוא, אונטער דיא קעניגע, אלע דיינע
טעג:
14 אונד ווען דוא וועסט געהען אין
מיינע וועגען, צו היטען מיינע געזעצע
אונד מיינע געבאטע, וויא דיין פאטער
דוד איז געגאנגען, אזוי וועל איך
פערלענגערען דיינע טעג:
15 אונד שלמה האט זיך ערוואכט,
אונד זעה, עס איז איין טרוים, אונד
ער איז געקומען נאך ירושלים, אונד
האט זיך געשטעלט פאר דעם ארון
ברית פון דעם האר, אונד ער האט
אויפגעבראכט עולות, אונד האט גע־
מאכט שלמים, אונד ער האט געמאכט
איין מאהלצייט פאר אלע זיינע
קנעכט:
16 דענסמאל זענען געקומען צוויא

פְּרויעֶן, זוֹנות, צוּ דֶעם קֶענִיג, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פַאר אִיהְם׃
17 אוּנְד אֵיינֶע פְּרויא הָאט גֶעזָאגְט,
אִיךְ בֶּעט דִיךְ מֵיין הַאר, אִיךְ אוּנְד דִיא
דָאזִיגֶע פְּרויא וְואוינֶען אִין אֵיין הויז,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיט אִיהְר גֶעבּוירֶען
אִין דֶעם הויז׃
18 אוּנְד עֶס וַואר אַם דְרִיטֶען טָאג,
נָאכְדֶעם וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעבּוירֶען, הָאט
דִיזֶע פְּרויא אויךְ גֶעבּוירֶען, אוּנְד מִיר
זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶעוֶועזֶען, קֵיין פְרֶעמְדֶער
וַואר נִיט מִיט אוּנְז אִים הויז, אויסֶער
מִיר בֵּיידֶע (זֶענְען) אִים הויז גֶעוֶועזֶען׃
19 אוּנְד דֶער זוּהְן פוּן דִיא דָאזִיגֶע
פְּרויא, אִיז בֵּייא נַאכְט גֶעשְׁטָארְבֶּען,
וְוייל זִיא אִיז אויף אִיהְם גֶעלֶעגֶען׃
20 אוּנְד זִיא אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין
מִיטֶען נַאכְט, אוּנְד זִיא הָאט גֶענוּמֶען
מֵיין זוּהְן פוּן נֶעבֶּען מִיר,—אוּנְד אִיךְ
דֵיינֶע דִינְסְטמוֹיד בִּין נָאךְ גֶעשְׁלָאפֶען,—
אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם גֶעלֵייגְט אִין אִיהְר
שׁוֹיס, אוּנְד אִיהְר גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם זוּהְן
הָאט זִיא גֶעלֵייגְט אִין מֵיין שׁוֹיס׃
21 וֶוען אִיךְ בִּין אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין
דֶער פְּרִיה, אוּם צוּ זֵייגֶען מֵיין זוּהְן,
אוּנְד זֶעה, עֶר וַואר טויט; אוּנְד אַלְס
אִיךְ הָאבּ אִיהְם אִין דֶער פְּרִיה בֶּע־
טְרַאכְט, אוּנְד זֶעה, עֶס וַואר נִיט מֵיין
זוּהְן וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבּוירֶען׃
22 אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע פְּרויא הָאט
גֶעזָאגְט, נֵיין, מֵיין זוּהְן אִיז דֶער
לֶעבֶּעדִיגֶער, אוּנְד דֵיין זוּהְן אִיז דֶער
טויטֶער, אוּנְד דִיזֶע זָאגְט, נֵיין, נוּר
דֵיין זוּהְן אִיז דֶער טויטֶער, אוּנְד מֵיין
זוּהְן אִיז דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער, אוּנְד אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא גֶערֶעדְט פַאר דֶעם קֶענִיג׃
23 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעזָאגְט,
דִיא דָאזִיגֶע זָאגְט, דֶער אִיז מֵיין זוּהְן,
וָואס לֶעבְּט, אוּנְד דֵיין זוּהְן אִיז דֶער
טויטֶער, אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זָאגְט, נֵיין,
דֵיין זוּהְן אִיז דֶער טויטֶער, אוּנְד מֵיין
זוּהְן אִיז דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער׃
24 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעזָאגְט,
בְּרֶענְגְט צוּ מִיר אֵיין שְׁוֶוערְד, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דָאס שְׁוֶוערְד
פַאר דֶעם קֶענִיג׃
25 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעזָאגְט,
צוּשְׁנֵייט דָאס לֶעבֶּעדִיגֶע קִינְד אויף
צְווייא אוּנְד גֶעבְּט אֵיין הַאלְבֶּעס צוּ
אֵיינֶע, אוּנְד אֵיין הַאלְבֶּעס צוּ אֵיינֶע׃
26 אוּנְד דִיא פְּרויא, וָואס אִיהְר זוּהְן
וַואר דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער, הָאט גֶעזָאגְט
צוּ דֶעם קֶענִיג,—וְוייל אִיהְר עֶרְבַּארְמֶען
הָאט עֶרְבְּרֶענְט אִיבֶּער אִיהְר זוּהְן—
אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ
מֵיין הַאר, גִיבְּט אִיהְר דָאס לֶעבֶּעדִיגֶע
קִינְד, נוּר טֵייטֶעט עֶס נִיט, אוּנְד דִיזֶע
זָאגְט, עֶס זָאל נִיט מִיר אוּנְד נִיט דִיר
זֵיין, צֶערְשְׁנֵייט עֶס׃
27 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, גִיבְּט אִיהְר דָאס
לֶעבֶּעדִיגֶע קִינְד, אוּנְד אִיהְר זָאלְט
אִיהְם נִיט טֵייטֶען, (וְוייל) זִיא אִיז זֵיינֶע
מוּטֶער׃
28 אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶע־
הֶערְט דָאס מִשְׁפָּט וָואס דֶער קֶענִיג
הָאט גֶעמִשְׁפָּט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ
גֶעפָארְכְטֶעט פַאר דֶעם קֶענִיג, וָוארִין
זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, דָאס גָאטֶעס
קְלוּגשַׁאפְט אִיז אִין אִיהְם צוּ טְהוּן
רֶעכְט׃

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה, אִיז גֶע־
וֶועזֶען אֵיין קֶענִיג אִיבֶּער גַאנְץ יִשְׂרָאֵל׃

2 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא
הוֹיפְּט־לַייטֶע וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט,
עֲזַרְיָהוּ בֶּן צָדוֹק הַכֹּהֵן:
3 אֱלִיחוֹרֶף אוּנְד אֲחִיָה דִיא זִיהְן פוּן
שִׁישָׁא, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען שְׁרַייבֶּער, יְהוֹשָׁפָט
בֶּן אֲחִילוּד אִיז (גֶעוֶועזֶען) דֶער קַאנְצְלֶער:
4 אוּנְד בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע אִיז גֶעוֶועזֶען
אִיבֶּער דָאס מִילִיטֶער, אוּנְד צָדוֹק אוּנְד
אֶבְיָתָר זַיינֶע כֹּהֲנִים:
5 אוּנְד עֲזַרְיָהוּ בֶּן נָתָן אִיז גֶעוֶועזֶען
אִיבֶּער דִיא אַמְטְלַייטֶע, אוּנְד זָבוּד בֶּן
נָתָן דֶער כֹּהֵן (אִיז גֶעוֶועזֶען) דֶעם
קֶענִיג'ס פְרַיינְד:
6 אוּנְד אֲחִישָׁר אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער
דֶעם הוֹיז, אוּנְד אֲדוֹנִירָם בֶּן עַבְדָא
אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דִיא צִינְזֶען:
7 אוּנְד צוּ שְׁלֹמֹה, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
צְוֶועלְף אַמְטְלַייטֶע אִיבֶּער גַאנְץ יִשְׂרָאֵל,
וֶועלְכֶע הָאבֶּען פֶערְזָארְגְט דֶעם קֶענִיג
מִיט זַיין הוֹיזְגֶעזִינְד, אֵיין חוֹדֶשׁ אִין יָאהְר
(אִיז אוֹיסְגֶעקוּמֶען) אוֹיף אִיטְלִיכֶען צוּ
שְׁפַּייזֶען (דֶעם מֶלֶךְ):
8 אוּנְד דָאס זֶענֶען זֵייעֶרֶע נֶעמֶען;
בֶּן חוּר אוֹיף דֶעם בַּארְג אֶפְרָיִם:
9 בֶּן דֶקֶר, אִין מָקַץ אוּנְד אִיבֶּער
שַׁעַלְבִים, אוּנְד בֵּית־שָׁמֶשׁ, אוּנְד אֵילוֹן
בֵּית־חָנָן:
10 בֶּן חֶסֶד, אִיבֶּער אַרֻבּוֹת, צוּ אִיהְם
הָאט גֶעהֶערְט שֹׂכֹה אוּנְד דָאס גַאנְצֶע
לַאנְד הֵפֶר:
11 בֶּן אֲבִינָדָב אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע לַאנְד־
שַׁאפְט דוֹאר; טָפַת דִיא טָאכְטֶער פוּן
שְׁלֹמֹה, הָאט עֶר גֶעהַאט פַאר אַ וַוייבּ:
12 בַּעֲנָא בֶּן אֲחִילוּד, אִיבֶּער תַּעְנַךְ
אוּנְד מְגִדּוֹ, אוּנְד גַאנְץ בֵּית־שְׁאָן וָואס
וַואר בַּייא צָרְתָן אוּנְטֶער יִזְרְעֶאל, פוּן
בֵּית־שְׁאָן בִּיז אָבֵל מְחוֹלָה, בִּיז צוּ יֶענֶער

זַייט צוּ יָקְמְעָם:
13 בֶּן גֶבֶר, אִיבֶּער רָמוֹת גִלְעָד, צוּ
אִיהְם הָאבֶּען גֶעהֶערְט דִיא דֶערְפֶער
פוּן יָאִיר בֶּן מְנַשֶּׁה אִין גִלְעָד, צוּ אִיהְם
הָאט גֶעהֶערְט דִיא גֶעגֶענְד פוּן אַרְגוֹב
אִין בָּשָׁן, זֶעכְצִיג גְרוֹיסֶע שְׁטֶעט, מִיט
מוֹיעֶרְן אוּנְד קוּפֶּערְנֶע רִיגְלֶען:
14 אֲחִינָדָב בֶּן עִדֹּא אִיבֶּער מַחֲנָיִם:
15 אֲחִימַעַץ, אִיבֶּער נַפְתָּלִי, עֶר הָאט
אוֹיךְ גֶענוּמֶען שְׁלֹמֹה'ס טָאכְטֶער בָּשְׂמַת
פַאר אַ וַוייבּ:
16 בַּעֲנָה בֶּן חוּשַׁי, אִיבֶּער אָשֵׁר אוּנְד
עָלוֹת:
17 יְהוֹשָׁפָט בֶּן פָּרוּחַ, אִיבֶּער יִשָּׂשכָר:
18 שִׁמְעִי בֶּן אֵלָא, אִיבֶּער בִּנְיָמִן:
19 גֶבֶר בֶּן אֻרִי, אִיבֶּער דֶעם לַאנְד
גִלְעָד, דָאס לַאנְד פוּן סִיחוֹן דֶער מֶלֶךְ
פוּן אֱמוֹרִי, אוּנְד עוֹג דֶעם מֶלֶךְ פוּן
בָּשָׁן, אוּנְד אֵיין אַמְטְמַאן וָואס אִיז גֶע־
וֶועזֶען אִין דֶעם לַאנְד:
20 יְהוּדָה אוּנְד יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אַזוֹי פִיל וִויא זַאמְד בַּייא דֶעם יַם, זֵייא
הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנְד
וַוארֶען פְרֵיילִיךְ:

## קאפיטעל ה

1 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעהֶערְשְׁט אִיבֶּער
אַלֶע קֶענִיגְרַייכֶען, פוּן דֶעם טַייךְ
בַּייא דֶעם לַאנְד דֶער פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד בִּיז
צוּ דֶער גְרֶענְעץ פוּן מִצְרַיִם, זֵייא הָאבֶּען
גֶעבְּרַאכְט גֶעשֶׁענְקֶע אוּנְד גֶעדִינְט צוּ
שְׁלֹמֹה אַלֶע טֶעג פוּן זַיין לֶעבֶּען:
2 אוּנְד דִיא שְׁפַּייז פוּן שְׁלֹמֹה אִיז
גֶעוֶועזֶען אוֹיף אֵיין טָאג, דְרַייסִיג מָאס
זֶעמֶעל־מֶעהְל, אוּנְד זֶעכְצִיג מָאס מֶעהְל:
3 צֶעהְן פֶעטֶע רִינְדֶער, אוּנְד צְוַואנְ־
צִיג גֶעפִּיטֶערְטֶע רִינְדֶער, אוּנְד הוּנְדֶערְט
שָׁאף, חוּץ אִינְדֶען, אוּנְד הִירְשֶׁען,

אוּנְד

אוּנְד דַאמְהִירְשֶׁען, אוּנְד גֶעשְׁטָאפְּטֶע
פֵייגֶעל :
4 וָוארִין עֶר הָאט גֶעהֶערְשְׁט אִיבֶּער
דֶער גַאנְצֶער זֵייט פוּן טֵייךְ, פוּן תִּפְסַח
בִּיז עַזָּה, אִיבֶּער אַלֶע קֶענִיגֶע וָואס וַוארֶען
פוּן יֶענֶער זֵייט טֵייךְ, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
הָאט פְרִידֶען פוּן אַלֶע זֵייטֶען אַרוּם :
5 אוּנְד יְהוּדָה אוּנְד יִשְׂרָאֵל זֶענֶען
גֶעזֶעסֶען זִיכֶער, יֶעדֶערֶער אוּנְטֶער זֵיין
וַויינְשְׁטָאק, אוּנְד אוּנְטֶער זֵיין פֵייגֶען־
בּוֹים, פוּן דָן בִּיז בְּאֵר שָׁבַע, אַלֶע
טֶעג פוּן שְׁלֹמֹה :
6 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעהַאט פֶערְצִיג
טוֹיזֶענְד שְׁטַאלֶען פֶערְד צוּ זֵיינֶע וָועֶ־
גֶען, אוּנְד צְוָועלְף טוֹיזֶענְד רֵייטֶער :
7 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע אַמְטְלֵייטֶע הָאבֶּען
בֶּעזָארְגְט שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ, אוּנְד אַלֶע וָואס
זֶענֶען נָאהֶענְט גֶעוֶועזֶען צוּ שְׁלֹמֹה
הַמֶּלֶךְ'ס טִישׁ, יֶעדֶערֶער זֵיין חוֹדֶשׁ, זֵייא
הָאבֶּען נִיט גֶעלָאזְט פֶעהְלֶען אֵיין זַאךְ :
8 אוּנְד דִיא גֶערְשְׁטֶען אוּנְד דָאס
שְׁטְרוֹי פַאר דִיא פֶערְד, אוּנְד פַאר
דִיא מוֹיל־אֵייזֶעלְן, הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּרָענְגְט
צוּ דֶעם אָרְט וָואס וַואר דָארְטֶען, יֶעדֶע־
רֶער נָאךְ זֵיינֶע אָרְדְנוּנְג :
9 אוּנְד גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען חָכְמָה
צוּ שְׁלֹמֹה, אוּנְד זֶעהְר פִיל פֶערְשְׁטַאנְד,
אוּנְד אַ בְּרֵייטֶעס הַארְץ, וַויא זַאמְד
וָואס אִיז אַן דֶעם בְּרֶעג פוּן יָם :
10 אוּנְד שְׁלֹמֹה'ס חָכְמָה אִיז גֶעוֶועזֶען
גְרֶעסֶער וַויא דִיא חָכְמָה פוּן אַלֶע
קִינְדֶער פוּן מָארְגֶען־לַאנְד, אוּנְד פוּן
דֶער גַאנְצֶער חָכְמָה פוּן מִצְרַיִם :
11 אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען קְלוּגֶער
פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען, פוּן אֵיתָן הָאֶזְרָחִי,
אוּנְד הֵימָן, אוּנְד כַּלְכּוֹל אוּנְד דַרְדַע
דִיא קִינְדֶער פוּן מָחוֹל, אוּנְד זֵיין נָא־
מֶען אִיז גֶעוֶועזֶען בֶּערִיהְמְט אוּנְטֶער
אַלֶע פֶעלְקֶער אַרוּם :
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט דְרֵייא טוֹיזֶענְד
שְׁפְּרִיךְ־וָוערְטֶער, (מְשָׁלִים) אוּנְד זֵיינֶע
לִידֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען טוֹיזֶענְד אוּנְד
פִינְף :
13 אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט אִיבֶּער דִיא
בּוֹימֶער פוּן דֶעם צֶעדֶער וָואס אִיז אִין
לְבָנוֹן אוּנְד בִּיז דֶעם אֵזוֹב וָואס
שְׁפְּרָאצְט אַרוֹיס פוּן דֶער וַואנְד, אוּנְד
עֶר הָאט גֶערֶעט אִיבֶּער דִיא בְּהֵמוֹת,
אוּנְד אִיבֶּער דִיא פֵייגֶעל, אוּנְד אִיבֶּער
דָאס וְוארְם, אוּנְד אִיבֶּער דִיא פִישׁ :
14 אוּנְד פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער זֶענֶען
זֵייא גֶעקוּמֶען צוּ הֶערֶען דִיא חָכְמָה
פוּן שְׁלֹמֹה, פוּן אַלֶע קֶענִיגֶען דֶער
עֶרְד, וָואס הָאבֶּען גֶעהֶערְט זֵיין חָכְמָה :
54 אוּנְד חִירָם דֶער קֶענִיג פוּן צוֹר,
הָאט גֶעשִׁיקְט זֵיינֶע קְנֶעכְט צוּ שְׁלֹמֹה,
וָוארִין עֶר הָאט גֶעהֶערְט, דָאס זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעזַאלְבְּט פַאר אַ קֶענִיג
אַנְשְׁטָאט זֵיין פָאטֶער,—וָוארִין חִירָם
אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין פְרֵיינְד פוּן דָוִד, אַלֶע
צֵייט :
16 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ
חִירָם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
17 דוּא הָאסְט גֶעקָאנְט מֵיין פָאטֶער
דָוִד, דָאס עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְט בּוֹיעֶן
אַ הוֹיז צוּ דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר זֵיין
גָאט, אִיבֶּער דִיא מִלְחָמָה וָואס הָאט
אִיהְם אַרוּמְגֶערוּנְגֶעלְט, בִּיז דֶער הַאר
הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען, אוּנְטֶער דִיא
טְרִיט פוּן זֵיינֶע פִיס :
18 אוּנְד אַצוּנְד הָאט מִיךְ דֶער הַאר
מֵיין גָאט גֶעלָאזְט רוּהֶען פוּן אַרִינְגְס
אַרוּם, עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין שְׂטֶערֶער,
אוּנְד קֵיין בֵּייזֶע בֶּעגֶעגֶענִישׁ :

19 אוּנְד אִיךְ רֶענְק צוּ בּוֹיעֶן אַ הוֹיז
צוּ דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר מֵיין
גָאט, וִויא דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
מֵיין פָאטֶער דָוִד, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֵיין
זוּהְן וָואס אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען אַנְשְׁטָאט
דִיר אוֹיף דֵיין שְׁטוּהְל, עֶר וֶועט בּוֹיעֶן
דָאס הוֹיז פַאר מֵיין נָאמֶען'ס וֶועגֶען:
20 אוּנְד אַצוּנְד בֶּעפֶעהְל זֵייא זָאלֶען
פַאר מִיר שְׁנֵיידֶען צֶעדֶערְן פוּן דֶעם
לְבָנוֹן, אוּנְד מֵיינֶע קְנֶעכְט וֶועלֶען זֵיין
מִיט דֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד דִיא בֶּעלוֹינוּנְג
פַאר דֵיינֶע קְנֶעכְט וֶועל אִיךְ דִיר גֶע־
בֶּען, נָאךְ אַלֶעם וָואס דוּא וֶועסְט זָאגֶען,
וָוארִין דוּא וֵוייסְט דָאס בֵּייא אוּנְס אִיז
נִיט דָא אַ מֶענְשׁ וָואס קֶען שְׁנֵיידֶען
בֵּיימֶער אַזוֹי וִויא דִיא צִדוֹנִים:
21 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס חִירָם
הָאט גֶעהֶערְט דִיא רֵייד פוּן שְׁלֹמֹה,
הָאט עֶר זִיךְ זֶעהְר גֶעפְרֵייט, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, גֶעלוֹיבְּט אִיז הֵיינְט דֶער
הַאר וָואס עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דָוִד
אַ קְלוּגֶען זוּהְן, אִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען
גְרוֹיסֶען פָאלְק:
22 אוּנְד חִירָם הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ
שְׁלֹמֹה'ן אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ
גֶעהֶערְט וָואס דוּא הָאסְט צוּ מִיר גֶע־
שִׁיקְט, אִיךְ וֶועל טְהוּן דֵיין גַאנְצֶען
פֶערְלַאנְג וֶועגֶען דִיא צֶעדֶערְבֵּיימֶער,
אוּנְד וֶועגֶען דִיא טֶענֶענְבֵּיימֶער:
23 מֵיינֶע קְנֶעכְט וֶועלֶען אַרוּפְבְּרֶענְגֶען
פוּן לְבָנוֹן צוּ דֶעם יַם, אוּנְד אִיךְ וֶועל
מַאכֶען צוּ פְלֶעסֶען (טְרַאפְטֶען) אוֹיף
דֶעם יַם, בִּיז צוּ דֶעם אָרְט וָואס דוּא
וֶועסְט מִיר שִׁיקֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
זֵייא דָארְטֶען אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען, אוּנְד דוּא
קֶענְסְט עֶס אוֹיפְנֶעמֶען, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט טְהוּן מֵיין פֶערְלַאנְג צוּ גֶעבֶּען
שְׁפֵּייז פַאר מֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד:
24 אוּנְד אַזוֹ הָאט חִירָם גֶעגֶעבֶּען צוּ
שְׁלֹמֹה צֶעדֶערְבּוֹימֶען אוּנְד טֶענֶענְבּוֹימֶען
נָאךְ זֵיין גַאנְצֶען פֶערְלַאנְג:
25 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ
חִירָם צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד מָאס וֵוייץ,
שְׁפֵּייז פַאר זֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד, אוּנְד צְוַואנְצִיג
מָאס גֶעשְׁטוֹיסֶענֶעס אֵייל, אַזוֹי הָאט
שְׁלֹמֹה גֶעגֶעבֶּען צוּ חִירָם יֶעהְרְלִיךְ:
26 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ
שְׁלֹמֹה חָכְמָה וִויא עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶערֶעט, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען שָׁלוֹם
צְוִוישֶׁען חִירָם אוּנְד צְוִוישֶׁען שְׁלֹמֹה,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֵּיידֶע בֶּעשְׁלָאסֶען
אַ בּוּנְד:
27 אוּנְד דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה הָאט
אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אֵיין אֵיינְבֶּערוּפוּנְג (מַס)
פוּן גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דִיא אֵיינְבֶּע־
רוּפוּנְג אִיז גֶעוֶועזֶען דְרֵייסִיג טוֹיזֶענְד
מַאן.
28 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעשִׁיקְט אִין
וַואלְד לְבָנוֹן, צֶעהְן טוֹיזֶענְד אִין אֵיין
חוֹדֶשׁ, אָפְּגֶעוֶועקְסֶעלְט, אֵיין חוֹדֶשׁ זֶענֶען
זֵייא גֶעוֶועזֶען אִין לְבָנוֹן, צְוֵוייא חֳדָשִׁים
צוּ הוֹיז, אוּנְד אֲדוֹנִירָם אִיז גֶעוֶועזֶען
אִיבֶּער דִיא אֵיינְבֶּערוּפוּנְג:
29 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעהַאט זִיבֶּעצִיג
טוֹיזֶענְד לַאסְט טְרֶעגֶער, אוּנְד אַכְצִיג
טוֹיזֶענְד וָואס הַאקֶען אִין דִיא בֶּערְג:
30 אוֹיסֶער דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אַמְטְ־
לֵייטֶע פוּן שְׁלֹמֹה, וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אִיבֶּער דִיא אַרְבֵּייט, דְרֵייא טוֹיזֶענְד אוּנְד
דְרֵייא הוּנְדֶערְט, הֶערְשֶׁער אִיבֶּער דֶעם
פָאלְק וָואס הָאט גֶעטְהוּן דִיא אַרְבֵּייט:
31 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט בֶּעפוֹילֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיסְגֶעבְּרָאכֶען
גְרוֹיסֶע טֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער אוּם צוּ

לֶעגֶען דָאס פוּנְדַאמֶענְט פוּן דֶעם הויז,
גֶעהַעקְטֶע שְׁטֵיינֶער:
32 אוּנְד דִיא בּוילֵייטֶע פוּן שְׁלֹמֹה,
אוּנְד דִיא בּוילֵייטֶע פוּן חִירָם, אוּנְד
דִיא גִבְלִים הָאבֶּען אויסְגֶעהַאקְט, אוּנְד
הָאבֶּען אָנְגֶעגְרֵייט דָאס הָאלְץ אוּנְד
דִיא שְׁטֵיינֶער צוּ בּויעֶן דָאס הויז:

## קאפיטעל ו

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִים פִיר
הוּנְדֶערְט אַכְצִיגְסְטֶען יָאהְר אַלְס דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַרויסְגֶעגַאנְגֶען
פוּן מִצְרַיִם, אִים פִירְטֶען יָאהְר פוּן
שְׁלֹמֹה'ס רֶעגִירוּנְג, אִים חוֹדֶשׁ זִו—דָאס
אִיז דֶער צְווייטֶער חוֹדֶשׁ—הָאט עֶר
גֶעבּויט דָאס הויז צוּ דֶעם הַאר:
2 אוּנְד דָאס הויז וָואס דֶער קֶענִיג
שְׁלֹמֹה הָאט גֶעבּויט צוּ דֶעם הַאר אִיז
גֶעוֶועזֶען זֶעכְצִיג אֵיילֶען לַאנְג, אוּנְד
צְוַואנְצִיג אֵיילֶען בְּרֵייט, אוּנְד דְרֵייסִיג
אֵיילֶען הויךְ:
3 אוּנְד דָאס פָארְהויז פַאר דֶעם
טֶעמְפֶּעל אִיז צְוַואנְצִיג אֵיילֶען לַאנְג,
אִיבֶּער דִיא בְּרֵייט פוּן דֶעם הויז, אוּנְד
צֶעהְן אֵיילֶען בְּרֵייט פַאר דֶעם הויז:
4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט צוּ דֶעם
הויז פֶענְסְטֶער, אִינְוֶוענְדִיג בְּרֵייט,
אוּנְד אויסְוֶוענְדִיג שְׁמָאל:
5 אוּנְד עֶר הָאט אַרוּמְגֶעבּויט קַא־
מֶערְן צוּ דִיא וַואנְד פוּן דֶעם הויז,—אַרוּם
דִיא וֶוענְד פוּן הויז, צוּ דֶעם טֶעמְפֶּעל
אוּנְד צוּ דֶעם דְבִיר—אוּנְד עֶר הָאט
גֶעמַאכְט אַרוּם אַ זֵייטֶענְגַאנְג:
6 דִיא אוּנְטֶערְשְׁטֶע קַאמֶער אִיז גֶע־
וֶועזֶען פִינְף אֵיילֶען בְּרֵייט, אוּנְד דִיא
מִיטֶעלְסְטֶע זֶעכְס אֵיילֶען בְּרֵייט, אוּנְד
דִיא דְרִיטֶע זִיבֶּען אֵיילֶען בְּרֵייט, וָוארִין
עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען אָבְּזַאצֶע רִינְגְס אַרוּם
דֶעם הויז פוּן אויסְוֶוענְדִיג, כְּדֵי עֶס
זָאל נִיט אָנְהַאלְטֶען אָן דִיא וֶוענְד פוּן
דֶעם הויז:
7 אוּנְד בֵּייא זַיין בּויעֶן אִיז דָאס הויז
גֶעבּויט גֶעוָוארֶען פוּן גַאנְצֶע אויסְ־
גֶערִיסֶענֶע שְׁטֵיינֶער, אוּנְד קֵיינֶע הַא־
מֶערְס אָדֶער הֶעק אוּנְד קֵיין אֵייזֶענֶעס
וֶוערְקְצֵייג אִיז נִיט גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען
אִין דֶעם הויז, בֵּייא זַיין בּויעֶן:
8 דֶער אֵיינְגַאנְג פוּן דֶער מִיטֶעלְסְטֶע
קַאמֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אויף דֶער רֶעכְטֶער
זַייט פוּן דֶעם הויז, אוּנְד דוּרְךְ וֶוענְדֶעל־
טְרֶעפּ אִיז מֶען אַרויפְגֶעגַאנְגֶען אויף
דֶעם מִיטֶעלְסְטֶען, אוּנְד פוּן דֶער מִי־
טֶעלְסְטֶען אויף דֶעם דְרִיטֶען:
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּויט דָאס הויז,
אוּנְד עֶר הָאט עֶס פֶערְטִיג גֶעמַאכְט,
אוּנְד עֶר הָאט בֶּעדֶעקְט דָאס הויז מִיט
בַּאלְקֶען אוּנְד מִיט בְּרֶעטֶער פוּן
צֶעדֶערְהָאלְץ:
10 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּויט דִיא קַאמֶערְן
אַרוּם דֶעם גַאנְצֶען הויז, פִינְף אֵיילֶען
הויךְ, אוּנְד הָאט בֶּעדֶעקְט דָאס הויז מִיט
צֶעדֶערְהָאלְץ:
11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וָוארְט
פוּן דֶעם הַאר צוּ שְׁלֹמֹה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
12 דָאס דָאזִיגֶע הויז, וָואס דוּא
בּויעֶסְט, אוּנְד אויבּ דוּא וֶועסְט גֵיין
אִין מֵיינֶע גֶעזֶעצֶע, אוּנְד וֶועסְט טְהוּן
מֵיינֶע רֶעכְטֶע, אוּנְד וֶועסְט הִיטֶען
צוּ גֵיין אִין אַלֶע מֵיינֶע מִצְוֹת, וֶועל
אִיךְ בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען מִיט דִיר מֵיין וָוארְט
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶערֶעדט צוּ דֵיין פָאטֶער
דָוִד:
13 אוּנְד אִיךְ וֶועל וואוֹינֶען צְווִישֶׁען
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיךְ וֶועל
מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל נִיט פֶערְלָאזֶען:

14 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעבּױט דָאס
הױז אוּנְד הָאט עֶס פֶערְטִיג גֶעמַאכְט׃
15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּױט דִיא װֶענְד
פוּן אִינְװֶוענְדִיג מִיט צֶעדֶער־בְּרֶעטֶער,
פוּם פוּסְבָּאדֶען בִּיז צוּ דִיא זַייטֶען פוּן
דִיא בַּאלְקֶען הָאט עֶר עֶס בֶּעדֶעקְט פוּן
אִינְװֶוענְדִיג מִיט הָאלְץ, אוּנְד הָאט
בֶּעדֶעקְט דֶעם פוּסְבָּאדֶען מִיט טֶענֶענְ־
בְּרֶעטֶער׃
16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּױט אוּנְטֶען
אִים הױז צְװַאנְצִיג אֵיילֶען לַאנְג אַ װַאנְד
פוּן צֶעדֶער־בְּרֶעטֶער, פוּם פוּסְבָּאדֶען
בִּיז צוּ דִיא דֶעק, אוּנְד הָאט גֶעבּױט
אִינְװֶוענְדִיג צוּ דֶער װַאנְד (דְבִיר) צוּ
אֵיין אַלֶערְהֵיילִיגְסְטֶען (קוֹדֶשׁ קָדָשִׁים)׃
17 אוּנְד פֶערְצִיג אֵיילֶען אִיז גֶעװֶועזֶען
דָאס הױז,־דָאס אִיז דֶער פָאדֶערְ־
טֶעמְפֶּעל׃
18 אוּנְד אִינְװֶוענְדִיג אִים הױז זֶענֶען
גֶעװֶועזֶען צֶעדֶערְן מִיט גֶעפְלָאכְטֶענֶע
קְנָאטֶען, אוּנְד בְּלוּמֶענְװֶוערְק, אַלֶעס
פוּן צֶעדֶערְן, קֵיין שְׁטֵיין הָאט מֶען
נִיט גֶעזֶעהֶען׃
19 אוּנְד דֶעם דְבִר הָאט עֶר אָנְ־
גֶעבְּרֵייט אִים הױז, אוּם דָארְטֶען צוּ
גֶעבֶּען דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם הַאר׃
20 אוּנְד פַאר דֶעם דְבִיר (װָאס אִיז
גֶעװֶועזֶען) צְװַאנְצִיג אֵיילֶען לַאנְג, אוּנְד
צְװַאנְצִיג אֵיילֶען בְּרֵייט, אוּנְד צְװַאנְצִיג
אֵיילֶען הױך, אוּנְד בֶּעדֶעקְט מִיט רֵיינֶעם
גָאלְד, אוּנְד עֶר הָאט בֶּעדֶעקְט דֶעם
מִזְבֵּחַ מִיט צֶעדֶערְהָאלְץ׃
21 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט בֶּעדֶעקְט פוּן
אִינְװֶוענְדִיג דָאס הױז מִיט רֵיינֶעם גָאלְד,
אוּנְד הָאט פֶערְרִיגֶעלְט מִיט גָאלְדֶענֶע
קֵייטֶען פַאר דֶעם דְבִיר אוּנְד הָאט
עֶס בֶּעדֶעקְט מִיט גָאלְד׃
22 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע הױז הָאט עֶר
בֶּעדֶעקְט מִיט גָאלְד, בִּיז דָאס גַאנְצֶע הױז
אִיז פֶערְטִיג גֶעװָארֶען, אוּנְד דֶעם
גַאנְצֶען מִזְבֵּחַ װָאס װַאר פַאר דֶעם
דְבִיר הָאט עֶר בֶּעדֶעקְט מִיט גָאלְד׃
23 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אִים דְבִיר
צְװֵייא כְּרוּבִים פוּן אֵיילְבּױם, צֶעהְן
אֵיילֶען הױך׃
24 אוּנְד פִינְף אֵיילֶען אִיז אֵיין פְלִיגֶעל
פוּן אֵיין כְּרוּב, אוּנְד פִינְף אֵיילֶען אִיז
דֶער אַנְדֶערֶער פְלִיגֶעל פוּן כְּרוּב, אוּנְד
צֶעהְן אֵיילֶען, אִיז פוּן עֶנְד אֵיין פְלִיגֶעל
בִּיז צוּ דֶעם עֶנְד פוּן אַנְדֶערֶען פְלִיגֶעל׃
25 אוּנְד צֶעהְן אֵיילֶען אִיז אױך צוּ
דֶעם צְװֵייטֶען כְּרוּב; אֵיין מָאס אוּנְד
אֵיין פָאֶרם אִיז צוּ בֵּיידֶע כְּרוּבִים
26 דִיא הױך פוּן אֵיין כְּרוּב אִיז צֶעהְן
אֵיילֶען, אוּנְד אַזױ אױך אִיז דֶער אַנְ־
דֶערֶער כְּרוּב גֶעװֶועזֶען׃
27 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט דִיא
כְּרוּבִים אִים אִינְװֶוענְדִיגְסְטֶען הױז, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אױסְגֶעשְׁפְּרֵייט דִיא פְלִיגְלֶען
פוּן דִיא כְּרוּבִים; אוּנְד דֶער פְלִיגֶעל
פוּן אֵיינֶעם רִיהְרְט אָן דִיא װַאנְד, אוּנְד
דֶער פְלִיגֶעל פוּן דֶעם אַנְדֶערְן כְּרוּב
רִיהְרְט אָן דִיא צְװֵייטֶע װַאנְד; אוּנְד
זֵיירֶע פְלִיגְלֶען װָאס זֶענֶען אִים מִיטֶען
הױז, רִיהְרֶען אָן פְלִיגֶעל צוּ פְלִיגֶעל׃
28 אוּנְד עֶר הָאט בֶּעדֶעקְט דִיא
כְּרוּבִים מִיט גָאלְד׃
29 אוּנְד אַלֶע װֶענְד אַרוּם אוּנְד אַרוּם,
הָאט עֶר אױסְגֶעפְלָאכְטֶען מִיט שְׁנִיצְ־
װֶוערְק, פְלֶעכְטוּנְגֶען פוּן כְּרוּבִים אוּנְד
פַאלְמֶען, אוּנְד בְּלוּמֶענְװֶוערְק, פוּן אִינְ־
װֶוענְדִיג אוּנְד אױסְװֶוענְדִיג׃
30 אוּנְד דֶעם פוּסְבָּאדֶען פוּן הױז
הָאט עֶר בֶּעדֶעקְט מִיט גָאלְד, פוּן

אִינְוֶוענְדִיגְסְטֶען (צִימֶער), אוּנְד פוּן
אויסְוֶוענְדִיגְסְטֶען׃
31 אוּנְד צוּ דֶעם אֵיינְגַאנְג פוּם דְבִיר
הָאט עֶר גֶעמַאכְט צְוֵייא טְהִירֶען, פוּן
אֵיילבּוימהָאלְץ, דִיא בֵּיישְׁטִידְלֶעךְ זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען פִינְף עֶקִיגֶע׃
32 אוּנְד אויף דִיא צְוֵייא טְהִירֶען פוּן
אֵיילבּוימהָאלְץ, הָאט עֶר פֶערְצִיעֶרְט,
מִיט פֶערְצִיעֶרוּנְג פוּן כְּרוּבִים, אוּנְד
פַאלְמֶען, אוּנְד בְּלוּמֶענְוֶוערְק, אוּנְד עֶר
הָאט עֶס בֶּעדֶעקְט מִיט גָאלְד; אוּנְד
אִיבֶּער דִיא כְּרוּבִים אוּנְד פַאלְמֶען,
הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעצויגֶען מִיט גָאלְדֶענֶע
בְּלֶעךְ׃
33 אוּנְד אַזוי הָאט עֶר גֶעמַאכְט צוּ
דֶעם אֵיינְגַאנְג פוּן טֶעמְפֶּעל פִיר־עֶקִיגֶע
בֵּיישְׁטֶעטְלֶעךְ פוּן אֵיילְבּוים׃
34 אוּנְד צְוֵייא טְהִירֶען פוּן טֶענֶענְ־
הָאלְץ, צְוֵייא גֶערוּנְדֶעטֶע בְּרֶעטֶער
הָאט אֵיין טְהִיר, אוּנְד אויךְ צְוֵייא
גֶערוּנְדֶעטֶע גֶעצִיעֶרְטֶע (בְּרֶעטֶער)
הָאט דִיא אַנְדֶערֶע טְהִיר׃
35 אוּנְד הָאט פֶערְצִיעֶרְט מִיט כְּרוּבִים
אוּנְד פַאלְמֶען אוּנְד בְּלוּמֶענְוֶוערְק,
אוּנְד עֶר הָאט זִיא בֶּעדֶעקְט מִיט
גָאלְד, גֶעראַדֶע אִיבֶּער דִיא שְׁנִיצוּנְג׃
36 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּויט דֶעם
אִינְוֶוענְדִיגְסְטֶען הויף פוּן דְרֵייא צֵיילֶען
גֶעהַאקְטֶע שְׁטֵיינֶער, אוּנְד פוּן אֵיין
צֵייל גֶעשְׁנִיטֶענֶע צֶעדֶערְן׃
37 אִין דֶעם פִירְטֶען יָאהְר אִיז גֶע־
לֵייגְט גֶעוָוארֶען דֶער גְרוּנְד פוּן דֶעם
הויז פוּן דֶעם הַאר, אִין דֶעם חוֹדֶשׁ זִו׃
38 אוּנְד אִין דֶעם עֶלְפְטֶען יָאהְר, אִים
חוֹדֶשׁ בּוּל—דָאס אִיז דֶער אַכְטֶע חוֹדֶשׁ—
הָאט עֶר פֶערְטִיג גֶעמַאכְט דָאס הויז,
נָאךְ אַלֶע זֵיינֶע זַאכֶען, אוּנְד נָאךְ
אַלֶע זֵיינֶע אָרְדְנוּנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט
אִיהם זִיבֶּען יָאהְר גֶעבּויט׃

קאפּיטעל ז

1 אוּנְד זֵיין הויז הָאט שְׁלֹמֹה גֶעבּויט
דְרַייצֶעהְן יָאהְר, בִּיז עֶר הָאט פֶערְטִיג
גֶעמַאכְט זֵיין גַאנְצֶעס הויז׃
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּויט אַ הויז אִים
וַואלְד לְבָנוֹן, הוּנְדֶערְט אֵיילֶען לַאנְג,
פוּנְפְצִיג אֵיילֶען בְּרֵייט, אוּנְד דְרֵייסִיג
אֵיילֶען הויךְ, אויף פִיר צֵיילֶען צֶעדֶער־
זֵיילֶען, אוּנְד צֶעדֶער־בְּרֶעטֶער אויף
דִיא זֵיילֶען׃
3 אוּנְד עֶר הָאט עֶס בֶּעדֶעקְט מִיט
בְּרֶעטֶער פוּן צֶעדֶערְהָאלְץ פוּן אויבֶּען
אויף דִיא וֶוענְד וָואס אויף דִיא זֵיילֶען,
פִינְף אוּנְד פִירְצִיג, צוּ פִינְפְצֶעהְן אִין
אֵיין צֵייל׃
4 אוּנְד פֶענְסְטֶער אִין דְרֵייא צֵיילֶען,
אַ פֶענְסְטֶער גֶעגֶען אַ פֶענְסְטֶער דְרֵייא
מָאל׃
5 אוּנְד אַלֶע אֵיינְגַאנְגֶען אוּנְד בֵּיישְׁטֶעטְ־
לֶעךְ זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיר־עֶקִיג, אוּנְד
פֶענְסְטֶער קֶעגֶענאִיבֶּער אַ פֶענְסְטֶער
דְרֵייא מָאל׃
6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַ פָארְהויז
פַאר דִיא זֵיילֶען, פוּנְפְצִיג אֵיילֶען לַאנְג,
אוּנְד דְרֵייסִיג אֵיילֶען בְּרֵייט, אוּנְד נָאךְ
אַ פָארְהויז פַאר זֵייא, מִיט זֵיילֶען אוּנְד
דִיקֶע בַּאלְקֶען׃
7 אוּנְד הָאט גֶעבּויט אַ פָארְהויז צוּ
דֶעם רִיכְטְשְׁטוּהְל וְואוּ מֶען מִשְׁפָּט
דָארְטֶען, אוּנְד אַ גֶערִיכְט־פָארְהויז
הָאט עֶר גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט בֶּעדֶעקְט
בֵּיידֶע פוּסְבָּאדֶען מִיט טֶענֶען הָאלְץ׃
8 אוּנְד זֵיין הויז וָואס עֶר וְואוינְט
דָארְטֶען, אִים הִינְטֶערְהויף, פוּן אִינְוֶוענְ־
דִיג פוּן דֶעם פָארְהויז, אִיז אויךְ גֶעוֶועזֶען

דָאס װָעלְבִּינְגע גֶעמַאכְט, אוּנְד אַ הױז
הָאט עֶר גֶעמַאכְט פַאר דִיא טָאכְטֶער פוּן
פַּרְעה, װָאס שְׁלֹמה הָאט גֶענוּמֶען,
װִיא דָאס דָאזִינְגע פָארְהױז:
9 דָאס אַלֶעס הָאט עֶר גֶעמַאכְט פוּן
טֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער, גֶעהַאקְטֶע שְׁטֵיינֶער,
גֶעזֶעגְט מִיט אַ זֶעג, פוּן אִינְוֶוענְדִיג
אוּנְד פוּן אױסְוֶוענְדִיג, אוּנְד פוּן פוּנְ־
דַאמֶענְט בִּיז אַן דֶעם דַאךְ, אוּנְד פוּן
אױסְוֶוענְדִיג בִּיז דֶעם גְרױסֶען הױף:
10 אוּנְד גֶעגְרִינְדֶעט מִיט טֵייעֶרֶע
גְרױסֶע שְׁטֵיינֶער, שְׁטֵיינֶער פוּן צֶעהְן
אֵיילֶען, אוּנְד שְׁטֵיינֶער פוּן אַכְט אֵיילֶען
גְרױס:
11 אוּנְד דַארױף זֶענֶען גֶעוֶועזֶען טֵייעֶרֶע
גֶעהַאקְטֶע װִינְקֶעלְשְׁטֵיינֶער, אוּנְד אױך
טֶענֶען בֵּיימֶער:
12 אוּנְד אַרוּם דֶעם גְרױסֶען הױף,
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן דְרֵייא צֵיילֶען גֶע־
הַאקְטֶע שְׁטֵיינֶער, אוּנְד אֵיין צֵייל גֶע־
שְׁנִיטֶענֶע צֶעדֶערְן, אוּנְד אַזױ אִיז
גֶעוֶועזֶען צוּ דֶעם אִינְוֶוענְדִיגְסְטֶען הױז
פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד צוּ דֶעם פָארְהױף
פוּן הױז:
13 אוּנְד דֶער קֶענִיג שְׁלֹמה הָאט
גֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען חִירָם
פוּן צוֹר:
14 עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין זוּהְן פוּן אַן
אַלְמָנָה פוּן שֵׁבֶט נַפְתָּלִי, אוּנְד זֵיין
פָאטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן פוּן צוֹר,
עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ קוּפֶּער מֵייסְטֶער
פוּל מִיט חָכְמָה, אוּנְד פֶערְשְׁטַאנְד,
אוּנְד װִיסֶענְשַׁאפְט צוּ מַאכֶען אַלֶערְלֵיי א
קוּפֶּער אַרְבֵּייט, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
צוּ דֶעם קֶענִיג שְׁלֹמה, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעמַאכְט זֵיינֶע גַאנְצֶע אַרְבֵּייט:
15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעפָארְמֶעט דִיא
צְװֵייא קוּפֶּערְנֶע זֵיילֶען, אַכְצֶעהְן
אֵיילֶען דִיא הױךְ פוּן יֶעדֶער זֵייל, אוּנְד
אַ שְׁנוּר פוּן צְװֶעלְף אֵיילֶען הָאט אַרוּמְ־
גֶערִינְגֶעלְט דִיא צְװֵייטֶע זֵייל:
16 אוּנְד צְװֵייא קְרױנֶען הָאט עֶר
גֶעמַאכְט, צוּ גֶעבֶּען אױף דִיא שְׁפִּיצֶען
פוּן דִיא זֵיילֶען, גֶעגָאסֶען פוּן קוּפֶּער,
פִינְף אֵיילֶען אִיז דִיא הױךְ פוּן אֵיין
קְרױן, אוּנְד פִינְף אֵיילֶען אִיז דִיא הױךְ
פוּן דִיא אַנְדֶערֶע קְרױן:
17 פְלֶעכְטֶלֶעךְ װִיא נֶעץ־אַרְבֵּייט פוּן
פֶּעדִים װִיא קֵייטֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צוּ
דִיא קְרױנֶען װָאס װַארֶען אױף דִיא
שְׁפִּיצֶען פוּן דִיא זֵיילֶען, זִיבֶּען פְלֶעכְטֶלֶעךְ
אױף אֵיין קְרױן, אוּנְד זִיבֶּען אױף דֶער
צְװֵייטֶען קְרױן:
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא
זֵיילֶען, אוּנְד צְװֵייא צֵיילֶען גְרַאנַאטֶען־
עֶפֶּעל הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַרוּם אֵיין
פְלֶעכְטֶעל אוּם צוּ בֶּעדֶעקֶען דִיא
קְרױנֶען אױף דֶער שְׁפִּיץ, אוּנְד
אַזױ הָאט עֶר גֶעמַאכְט צוּ דֶער
צְװֵייטֶער קְרױן:
19 אוּנְד דִיא קְרױן װָאס װַאר אױף
דֶער שְׁפִּיץ פוּן דִיא זֵיילֶען, אִיז גֶעוֶועזֶען
רָאזֶען־אַרְבֵּייט, װִיא אִין דֶעם פָארְהױז,
פִיר אֵיילֶען גְרױס:
20 אוּנְד דִיא קְרױנֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אױף דִיא צְװֵייא זֵיילֶען פוּן אױבֶּען,
אױךְ גֶעגֶענְאִיבֶּער דֶעם בױךְ װָאס אִיז
גֶעוֶועזֶען אַן דֶער זֵייט פוּן פְלֶעכְטֶעל,
אוּנְד צְװֵייא הוּנְדֶערְט גְרַאנַאטֶען עֶפֶּעל
אױף צְװֵייא שְׁנִירְלֶעךְ, אַרוּם אֵיינֶע
קְרױן, אוּנְד אַזױ אִיז גֶעוֶועזֶען אױף
דִיא אַנְדֶערֶע קְרױן:
21 אוּנְד עֶר הָאט אױפְגֶעשְׁטֶעלְט
דִיא זֵיילֶען פַאר דֶעם פָארְהױז פוּן דֶעם


טעמפּעל

טֶעמְפֶּעל, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט
דִיא זַייל צוּ דֶער רֶעכְטֶען זַייט, אוּנְד
הָאט אִיהְם גֶערוּפֶען יָכִין, אוּנְד הָאט
אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא זַייל צוּ דֶער לִינְקֶע
זַייט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶערוּפֶען בּוֹעַז:
22 אוּנְד אוֹיף דִיא שְׁפִּיצֶען פוּן דִיא
זַיילֶען אִיז גֶעוֶועזֶען וִויא רָאזֶען־אַרְבֵּייט
אוּנְד דֶערְמִיט הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיקְט דִיא
אַרְבֵּייט פוּן דִיא זַיילֶען:
23 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַ יַם,
גֶעגָאסֶען, צֶעהְן אֵיילֶען בְּרֵייט פוּן אֵיין
בְּרֶעג בִּיז דֶעם אַנְדֶערְן בְּרֶעג, קַיילֶעכְדִיג
אַרוּם, אוּנְד פִינְף אֵיילֶען הוֹיךְ, אוּנְד אַ
שְׁנוּר דְרֵייסִיג אֵיילֶען לַאנְג הָאט אִיהְם
אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט:
24 אוּנְד אוּנְטֶער זַיין רַאנְד הָאבֶּען
אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט קְנֶעפּ אַרִינְגְס אַרוּם,
צֶעהְן אֵיילֶען הָאבֶּען אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט
דָאס יַם, דִיא קְנֶעפּ זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְווֵייא
צֵיילֶען גֶעגָאסֶען פוּן זִילְבֶּערְנֶעם גוּס:
25 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף
צְוֶועלְף רִינְדֶער, דְרֵייא וֶוענְדֶען זִיךְ צוּ
צָפוֹן־זַייט, אוּנְד דְרֵייא וֶוענְדֶען זִיךְ צוּ
מַעֲרָב־זַייט, אוּנְד דְרֵייא וֶוענְדֶען זִיךְ
צוּ דָרוֹם־זַייט, אוּנְד דְרֵייא וֶוענְדֶען זִיךְ צוּ
מִזְרַח־זַייט, אוּנְד דָאס יַם אִיז אוֹיבֶּען
אוֹיף זֵייא, אוּנְד זֵייעֶר אוּנְטֶערְטֵייל אִיז
גֶעוֶועזֶען גַאנְץ אִינְוֶוענְדִיג:
26 אוּנְד זַיינֶע דִיק אִיז אַ הַאנְד־בְּרֵייט,
אוּנְד זַיין רַאנְד אִיז וִויא אַ רַאנְד פוּן
אַ בֶּעכֶער, וִויא אַ אוֹיפְבְּלִיהֶענְדֶע רוֹיז,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאלְטֶען צְווֵייא
טוֹיזֶענְד בַּת:
27 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט צֶעהְן
קוּפֶּערְנֶע גֶעשְׁטֶעלֶען, פִיר אֵיילֶען לַאנְג
פוּן אֵיין גֶעשְׁטֶעל, אוּנְד פִיר אֵיילֶען
בְּרֵייט, אוּנְד דְרֵייא אֵיילֶען הוֹיךְ:
28 אוּנְד אַזוֹי זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גֶעמַאכְט
דִיא גֶעשְׁטֶעלֶען, זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאט
לֵייסְטֶען, אוּנְד דִיא לֵייסְטֶען זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען צְווִישֶׁען דִיא שְׁטַאפְּלֶען:
29 אוּנְד אוֹיף דִיא לֵייסְטֶען צְווִישֶׁען
דִיא שְׁטַאפְּלֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען לֵייבֶּען,
רִינְדֶער אוּנְד כְּרוּבִים, אוּנְד אִיבֶּער
דִיא שְׁטַאפְּלֶען אֵיין פוּס, אוּנְד אוּנְטֶער
דִיא לֵייבֶּען אוּנְד רִינְדֶער, הָאבֶּען
אַרוּפְּגֶעהָאנְגֶען קְרַאנְצֶען:
30 אוּנְד פִיר קוּפֶּערְנֶע רֶעדֶער הָאט
גֶעהַאט יֶעדֶעס גֶעשְׁטֶעל, אוּנְד קוּפֶּערְנֶע
אַקְסֶען, אוּנְד זַיינֶע פִיר ווִינְקְלֶען הָאבֶּען
שׁוּלְטֶער־בְּלֶעטֶער, פוּן אוּנְטֶער דֶעם
הַאנְדְפַאס זֶענֶען דִיא שׁוּלְטֶער גֶעגָאסֶען,
פוּן יֶעדֶער זַייט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
קְרַאנְצֶען:
31 אוּנְד דִיא עֶפֶענוּנְג (פוּן פַאס) אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן אִינְוֶוענְדִיג פוּן דֶער
קְרוֹין, הֶעכֶער מִיט אֵיין אֵייל, אוּנְד
אִיהְר עֶפֶענוּנְג וַואר קַיילֶעכְדִיג, נָאךְ
דֶער אַרְט פוּן דֶעם גֶעשְׁטֶעל, אַנְדֶערְט־
הַאלְבֶּען אֵיילֶען בְּרֵייט, אוּנְד אוֹיךְ אִיבֶּער
אִיהְר עֶפֶענוּנְג אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁנִיץ־
ווֶערְק, אוּנְד זַיירֶע לֵייסְטֶען זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען פִיר־עֶקִיג, נִיט קַיילֶעכְדִיג:
32 אוּנְד פִיר רֶעדֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אוּנְטֶער דִיא לֵייסְטֶען, אוּנְד דִיא אַקְסֶען
פוּן דִיא רֶעדֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
גֶעשְׁטֶעל, אוּנְד דִיא הוֹיךְ פוּן יֶעדֶען
רָאד אִיז גֶעוֶועזֶען אַנְדֶערְהַאלְבֶּען
אֵיילֶען:
33 אוּנְד דִיא אַרְבֵּייט פוּן דִיא רֶעדֶער
אִיז גֶעוֶועזֶען וִויא וֶועגֶען־רֶעדֶער,
זַיירֶע אַקְסֶען אוּנְד זַיירֶע רַאנְדֶען
אוּנְד זַיירֶע צַאפֶּענְס, אוּנְד זַיירֶע
רֶעדֶער, אִיז גֶעוֶועזֶען אַלֶעס גֶעגָאסֶען

34 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיר
שׁוּלְטֶער־בְּלֶעטֶער צוּ דִיא פִיר עֶקֶען
פוּן אֵיין גֶעשְׁטֶעל, פוּן דֶעם גֶעשְׁטֶעל
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא שׁוּלְטֶער־בְּלֶעטֶער
דַארפוּן :
35 אוּנְד אַן דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם גֶע־
שְׁטֶעל אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע עֶרְהֶעבֶּערוּנְג
פוּן אֵיינֶע הַאלְבֶּע אֵייל רִינְגְס אַרוּם,
אוּנְד פוּן דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם גֶעשְׁטֶעל
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא אַקְסֶען אוּנְד דִיא
לֵייסְטֶען פוּן דֶעמְזֶעלְבֶּען :
36 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעקְרִיצְט אוֹיף
דִיא בְּרֶעטֶער אוֹיף דִיא אַקְסֶען אוּנְד
אוֹיף דִיא לֵייסְטֶען כְּרוּבִים, לֵייבֶּען,
אוּנְד פַּאלְמֶען, נָאךְ דֶעם מָאס פוּן
יֶעדֶעם, אוּנְד קְרֶענְצֶע רִינְגְס אַרוּם :
37 נָאךְ דֶעמְזֶעלְבֶּען מָאס הָאט עֶר
גֶעמַאכְט דִיא צֶעהְן גֶעשְׁטֶעלֶען אֵיין
גוּס, אֵיין מָאס, פַאר אַלֶע אֵיינֶע
שְׁנִיצוּנְג :
38 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט צֶעהְן
קוּפֶּערְנֶע וַואשְׁבֶּעקֶען, אֵיין וַואשְׁבֶּעקֶען
הָאט גֶעהַאלְטֶען פִירְצִיג בַּת, אוּנְד פִיר
אֵיילֶען (בְּרֵייט) אֵיין בֶּעקֶען, אוּנְד
אוֹיף יֶעדֶעם גֶעשְׁטֶעל אִיז גֶעוֶועזֶען
אֵיין בֶּעקֶען צוּ דִיא צֶעהְן גֶעשְׁטֶעלֶען :
39 אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען פִינְף גֶע־
שְׁטֶעלֶען אַן דִיא רֶעכְטֶע זֵייט פוּם הוֹיז
אוּנְד פִינְף אַן דִיא לִינְקֶע זֵייט פוּם
הוֹיז, אוּנְד דָאס יָם הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען
אוֹיף דִיא רֶעכְטֶע זֵייט פוּן דֶעם הוֹיז
פוּן מִזְרַח־זֵייט קֶעגֶענְאִיבֶּער דָרוֹם־
זֵייט :
40 חִירָם הָאט גֶעמַאכְט דִיא בֶּעקֶען,
אוּנְד דִיא שׁוּפֶעלְן, אוּנְד דִיא שִׁיסְלֶען,
אוּנְד חִירָם הָאט פֶערְטִיג גֶעמַאכְט צוּ
טְהוּן דִיא גַאנְצֶע אַרְבֵּייט, וָואס עֶר
הָאט גֶעמַאכְט פַאר דֶעם קֶענִיג שְׁלֹמֹה
אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר :
41 צְוֵייא זֵיילֶען, אוּנְד צְוֵייא קֵיילֶעכְ־
דִיגֶע קְרוֹינֶען, וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַן
דֶער שְׁפִּיץ פוּן דִיא זֵיילֶען, צְוֵייא גֶע־
פְלֶעכְטֶע אוּם צוּ בֶּעדֶעקֶען דִיא צְוֵייא
קְרוֹינֶען וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַן דֶער
שְׁפִּיץ פוּן דִיא זֵיילֶען :
42 אוּנְד דִיא פִיר הוּנְדֶערְט גְרַאנַאט
עֶפֶּעל צוּ דִיא צְוֵייא גֶעפְלֶעכְטֶע,
צְוֵייא צֵיילֶען גְרַאנַאט עֶפֶּעל פַאר אֵיין
גֶעפְלֶעכְט, אוּם צוּ בֶּעדֶעקֶען דִיא
צְוֵייא קֵיילֶעכְדִיגֶע קְרוֹינֶען וָואס
זֶענֶען אוֹיף דִיא זֵיילֶען :
43 אוּנְד דִיא צֶעהְן גֶעשְׁטֶעלֶען, אוּנְד
דִיא צֶעהְן בֶּעקֶען אוֹיף דִיא גֶעשְׁטֶעלֶען :
44 אוּנְד דָאס יָם אוּנְד דִיא צְוֶועלְף
רִינְדֶער אוּנְטֶער דֶעם יָם :
45 אוּנְד דִיא טֶעפּ, אוּנְד דִיא שׁוּפְלֶען
אוּנְד דִיא שִׁיסְלֶען, אוּנְד אַלֶע כֵּלִים
פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט וָואס חִירָם הָאט
גֶעמַאכְט פַאר דֶעם קֶענִיג שְׁלֹמֹה אִין
דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען פוּן פָּאלִירְטֶען קוּפֶּער :
46 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט זֵייא גֶעלָאזֶען
אוֹיסְגִיסֶען אִין דֶער גֶעגֶענְד פוּן דֶעם
יַרְדֵן, אִין דֶער גֶעדִיכְטֶע עֶרְד, צְוִוישֶׁען
סֻכּוֹת אוּנְד צְוִוישֶׁען צָרְתָן :
47 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט הִינְגֶעלֶעגְט אַלֶע
דִיא דָאזִיגֶע כֵּלִים וֶועגֶען דֶער גַאנְץ
גְרוֹיסֶער צָאהְל, דָאס גֶעווִיכְט פוּן דֶעם
קוּפֶּער אִיז נִיט אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט
גֶעוָוארֶען :
48 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעמַאכְט אַלֶע
כֵּלִים וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פַאר דֶעם
הוֹיז פוּן דֶעם הַאר. דֶעם גָאלְדֶענֶען
מִזְבֵּחַ, אוּנְד דֶעם גָאלְדֶענֶעם טִישׁ

וָואס אויף אִיהם זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא לֶחֶם־הַפָּנִים׃

49 אוּנְד דִיא לַייכְטֶער, פִינְף אַן דֶער רֶעכְטֶער זַייט, אוּנְד פִינְף אַן דֶער לִינְקֶער זַייט פוּן דֶעם דְבִיר, אוֹיס גֶעלַייטֶערְטֶעם גָאלְד, אוּנְד דִיא בְּלוּמֶען אוּנְד דִיא לַייכְטֶער, אוּנְד דִיא לִיכְטְצְוַואנְגֶען (זֶענֶען גֶעוֶועזֶען) אוֹיס גָאלְד׃

50 אוּנְד דִיא בֶּעקֶען אוּנְד דִיא מֶעסֶער אוּנְד דִיא שִׁיסְלֶען אוּנְד דִיא לֶעפֶעל אוּנְד דִיא פַאנֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיס גֶעלַייטֶערְטֶעם גָאלְד, אוּנְד דִיא וִוינְקְלֶען פַאר דִיא טְהִירֶען פוּן דֶעם הוֹיז פוּן אִינְוֶוענְדִיג, פוּן קוֹדֶשׁ קָדָשִׁים צוּ דִיא טְהִירֶען פוּן דֶעם הוֹיז צוּ דֶעם טֶעמְפֶּעל (זֶענֶען גֶעוֶועזֶען) אוֹיס גָאלְד׃

51 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז פֶערְטִיג גֶעוֶועזֶען דִיא גַאנְצֶע אַרְבַּייט וָואס דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה הָאט גֶעמַאכְט פַאר דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, הָאט שְׁלֹמֹה אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט דִיא גֶעהֵיילִיגְטֶע זַאכֶען פוּן דָוִד זַיין פָאטֶער, דָאס זִילְבֶּער אוּנְד דָאס גָאלְד, אוּנְד דִיא כֵּלִים אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַרַיינְגֶעגֶעבֶּען אִין דִיא אוֹצְרוֹת פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר׃

קאפיטעל ח

1 דַאמָאלְס הָאט שְׁלֹמֹה פֶערְזַאמֶעלְט דִיא עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אַלֶע הוֹיפְּטְלַייטֶע פוּן דִיא שְׁבָטִים, דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דִיא פַאמִילְיֶען צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, צוּ דֶעם קֶענִיג שְׁלֹמֹה, אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּם אַרוֹיפְצוּבְּרֶענְגֶען דֶעם אָרוֹן בְּרִית פוּן דֶעם הַאר, פוּן דָוִד'ס שְׁטָאט דָאס אִיז צִיוֹן׃

2 אוּנְד אַלֶע לַייטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט צוּ דֶעם קֶענִיג שְׁלֹמֹה, אִין דֶעם חוֹדֶשׁ אֵתָנִים (תִּשְׁרֵי) אַם פֵייעֶרְטָאג, דָאס אִיז דֶער זִיבֶּעטֶער חוֹדֶשׁ׃

3 אוּנְד אַלְס אַלֶע עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען דִיא כֹּהֲנִים גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן׃

4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד דָאס פֶערְזַאמְלוּנְגְס גֶעצֶעלְט, אוּנְד אַלֶע הֵיילִיגֶע כֵּלִים וָואס וַואר אִין גֶעצֶעלְט, אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים אוּנְד לְוִיִּם הָאבֶּען עֶס אַרוֹיפְגֶעטְרָאגֶען׃

5 אוּנְד דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאבֶּען זִיךְ בֵּייא אִיהם פֶערְזַאמֶעלְט (מִיט אִיהם צוּ גֵיין) פַאר דֶעם אָרוֹן, אוּנְד הָאבֶּען גֶעשָׁאכְטֶען שָׁאף אוּנְד רִינְדֶער (אַזוֹי פִיל) וָואס זֵייא קֶענֶען נִיט אוֹיסְגֶעצֵיילְט, אוּנְד בֶּערֶעכֶענְט וֶוערֶען׃

6 אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דֶעם אָרוֹן בְּרִית פוּן דֶעם הַאר צוּ זַיין אָרְט, צוּ דֶעם דְבִיר וָואס אִיז אִין דֶעם הוֹיז, אִין דֶעם קוֹדֶשׁ קָדָשִׁים, אוּנְטֶער דִיא פְלִיגְלֶען פוּן דִיא כְּרוּבִים׃

7 וָוארִין דִיא כְּרוּבִים הָאבֶּען פֶערְשְׁפְּרֵייט זֵייעֶרֶע פְלִיגְלֶען צוּ דֶעם אָרְט פוּן דֶעם אָרוֹן, אוּנְד דִיא כְּרוּבִים הָאבֶּען בֶּעדֶעקְט אוֹיף דֶעם אָרוֹן אוּנְד אוֹיף זַיינֶע שְׁטַאנְגֶען, פוּן אוֹיבֶּען׃

8 אוּנְד דִיא שְׁטַאנְגֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען לַאנְג, דָאס דִיא שְׁפִּיצֶען פוּן דִיא שְׁטַאנְגֶען זֶענֶען גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם הֵיילִיגְטְהוּם אִיבֶּער דֶעם דְבִיר, אָבֶּער דְרוֹיסֶען הָאבֶּען זֵייא זִיךְ נִיט גֶעוִויזֶען; אוּנְד זֵייא זֶענֶען דָארְטֶען גֶעוֶועזֶען בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃

9 עֶס וַואר גָאר נִיט אִין דֶעם אָרוֹן, נוּר צְוֵייא שְׁטֵיינֶערְנֶע לֻחוֹת, וָואס מֹשֶׁה

הָאט דָארְט אַרֵיינְגֶעלֵייגְט אִין חוֹרֵב,
וָואוּ דֶער הַאר הָאט כּוֹרֵת בְּרִית גֶע־
וֶועזֶען מִיט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, וֶוען
זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם :
10 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַלְס דִיא
כֹּהֲנִים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם
הֵיילִיגְטְהוּם, הָאט דֶער וָואלְקֶען דֶערְ־
פִילְט דָאס הויז פוּן דֶעם הַאר :
11 אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען נִיט גֶע־
קֶענְט שְׁטֵיין צוּ בֶּעדִינֶען, וֶועגֶען דֶעם
וָואלְקֶען, ווייל דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן
דֶעם הַאר הָאט דֶערְפִילְט דָאס הויז פוּן
דֶעם הַאר :
12 דַאמָאלְס הָאט שְׁלֹמֹה גֶעזָאגְט,
דֶער הַאר הָאט צוּגֶעזָאגְט צוּ רוּהֶען
אִין דֶעם גֶעפֶעל :
13 אִיךְ הָאבּ פַאר דִיר גֶעבּוֹיט אֵיין
וָואוֹינוּנְגְס־הויז, אֵיינֶע שְׁטֶעלֶע, וָואוּ דוּא
זָאלְסְט דָארְטֶען אֵייבִּיג וָואוֹינֶען :
14 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט אוּמְגֶעקֶעהְרְט
זֵיין אָנְגֶעזִיכְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבֶּענְשְׁט
דִיא גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג, פוּן יִשְׂרָאֵל ;
אוּנְד דִיא גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן
יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעשְׁטַאנֶען :
15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֶעלוֹיבְּט
אִיז דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל,
וָואס עֶר הָאט גֶערֶעדְט מִיט זֵיין מוֹיל
מִיט מֵיין פָאטֶער דָוִד, אוּנְד מִיט זֵיינֶע
הָאנְד הָאט עֶר עֶרְפִילְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
16 פוּן דֶעם טָאג אָן, וָואס אִיךְ הָאבּ
מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט פוּן
מִצְרַיִם, הָאבּ אִיךְ נִיט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט
אֵיין שְׁטָאט, אוּנְטֶער אַלֶע שְׁבָטִים פוּן
יִשְׂרָאֵל, אוּם צוּ בּוֹיעֶן אֵיין הויז דָאס
מֵיין נָאמֶען זָאל דָארְטֶען זֵיין, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ אָבֶּער אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט אִין
דָוִד, דָאס עֶר זָאל זֵיין אִיבֶּער מֵיין
פָאלְק יִשְׂרָאֵל :
17 אוּנְד אַלְס עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין
מֵיין פָאטֶער דָוִד'ס הַארְץ, צוּ בּוֹיעֶן
אֵיין הויז צוּ דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם
הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל :
18 הָאט דֶעם הַאר גֶעזָאגְט צוּ מֵיין
פָאטֶער דָוִד, ווייל עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
אִין דֵיין הַארְץ צוּ בּוֹיעֶן אֵיין הויז אוּם
מֵיין נָאמֶענ'ס וֶועגֶען, הָאסְט דוּא גוּט
גֶעטְהוּן, דָאס וָואס דוּא הָאסְט גֶע־
טְרַאכְט אִין דֵיין הַארְץ :
19 נוּר דוּא זָאלְסְט נִיט בּוֹיעֶן דָאס
הויז, נֵייעֶרְט דֵיין זוּהְן, וָואס וֶועט
אַרוֹיסְגֵיין פוּן דֵיינֶע לֶענְדֶען, עֶר וֶועט
בּוֹיעֶן דָאס הויז אוּם מֵיין נָאמֶענ'ס
וֶועגֶען :
20 אוּנְד דֶער הַאר הָאט זֵיין וָוארְט
בֶּעשְׁטֶעטִיגְט, וָואס עֶר הָאט גֶערֶעדְט,
אוּנְד אִיךְ בִּין אוֹיפְגֶעקוּמֶען אַנְשְׁטָאט
מֵיין פָאטֶער דָוִד, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ
גֶעזֶעצְט אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן יִשְׂרָאֵל,
אַזוֹי וִויא דֶער הַאר הָאט גֶערֶעדְט ;
אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעבּוֹיט דָאס הויז צוּ
דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר, דֶעם גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל :
21 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דָארְטֶען בֶּעשְׁטִימְט
אֵיין אָרְט, צוּ דֶעם אָרוֹן, וָואס דָארְטֶען
אִיז דִיא לוּחוֹת הַבְּרִית פוּן דֶעם הַאר,
וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט מִיט אוּנְזֶערֶע
עֶלְטֶערֶען, אַלְס עֶר הָאט זֵייא אַרוֹיסְ־
גֶעפִיהְרְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם :
22 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט
פַאר דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם הַאר, קֶעגֶען
דֶער גַאנְצֶען פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד עֶר הָאט פֶערשְׁפְּרֵייט זֵיינֶע הֶענְד
צוּ דֶעם הִימֶעל :

23 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הַאר גָאט
פוּן יִשְׂרָאֵל, עֶס אִיז נִיט דָא אֵיין גָאט
אִין הִימֶעל פוּן אוֹיבֶּען, אוּנְד אוֹיף
דֶער עֶרְד פוּן אוּנְטֶען צוּ דִיר גְלֵייךְ,
וָואס הַאלְטֶסְט דֶעם בּוּנְד אוּנְד דִיא גְנָאד
צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט וָואס גֶעהֶען פַאר דִיר
מִיט זֵייעֶר גַאנְצֶען הַארְץ:
24 אוּנְד וָואס דוּא הָאסְט גֶעהַאלְטֶען
צוּ דֵיין קְנֶעכְט, מֵיין פָאטֶער דָוִד, דָאס
וָואס דוּא הָאסְט אִיהְם צוּגֶעזָאגְט
אוּנְד דוּא הָאסְט מִיט דֵיין מוֹיל גֶער־
רֶעט, אוּנְד מִיט דֵיינֶע הַאנְד הָאסְט
דוּא עֶס עֶרְפִילְט, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז דֶעם
דָאזִיגֶען טָאג:
25 אוּנְד אַצוּנְד, הַאר גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל,
הַאלְט צוּ דֵיין קְנֶעכְט, מֵיין פָאטֶער
דָוִד, דָאס וָואס דוּא הָאסְט אִיהְם צוּ
גֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען; עֶס זָאל דִיר
נִיט פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען אֵיין מַאן פוּן פַאר
מִיר, אֵיינֶער וָואס זָאל זִיצֶען אוֹיף דֶעם
שְׁטוּהְל פוּן יִשְׂרָאֵל, נֵייעֶרְט וָוען דֵיינֶע
קִינְדֶער וֶועלֶען הִיטֶען זֵייעֶר וֶועג, צוּ
גֵיין פַאר מִיר, וִויא דוּא בִּיזְט פַאר
מִיר גֶעגַאנְגֶען:
26 אוּנְד אַצוּנְד, אָ גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, לָאז־
זֶען דָאךְ וָואהְר בְּלֵייבֶּען דֵיינֶע וֶוערְטֶער
וָואס דוּא הָאסְט גֶערֶעט צוּ דֵיין קְנֶעכְט,
צוּ מֵיין פָאטֶער דָוִד:
27 וָוארִין אִיז דָאס דֶען וִוירְקְלִיךְ דָאס
גָאט זָאל וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד?
זֶעה, דֶער הִימֶעל, אוּנְד דִיא הֶעכְסְטֶע
הִימֶעל קֶענֶען דִיךְ נִיט עָנְטהַאלְטֶען,
וִויא אַזוֹי זָאל דָאס דָאזִיגֶע הוֹיז, וָואס
אִיךְ הָאבּ גֶעבּוֹיט?
28 דוּא אָבֶּער זָאלְסְט דִיךְ וֶוענְדֶען צוּ
דֶעם גֶעבֶּעט אוּנְד גֶעוֵויין פוּן דֵיין
קְנֶעכְט, אָ הַאר מֵיין גָאט, אַז דוּא
זָאלְסְט צוּהֶערֶען צוּ דֶעם גֶעשְׁרַייא, אוּנְד
צוּ דֶעם גֶעבֶּעט וָואס דֵיין קְנֶעכְט בֶּעט
הֵיינְט פַאר דִיר:
29 דָאס דֵיינֶע אוֹיגֶען זָאלֶען אָפֶען
זֵיין צוּ דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז נַאכְט אוּנְד
טָאג, אִין דֶעם אָרְט וָואס דוּא הָאסְט
גֶעזָאגְט, מֵיין נָאמֶען וֶועט דָארְטֶען זֵיין;
אוּם צוּ הֶערֶען דָאס גֶעבֶּעט וָואס דֵיין
קְנֶעכְט וֶועט בֶּעטֶען אִין דֶעם דָאזִיגֶען
אָרְט:
30 אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶרְהֶערֶען דָאס
גֶעבֶּעט פוּן דֵיין קְנֶעכְט, אוּנְד פוּן דֵיין
פָאלְק יִשְׂרָאֵל, וָואס וֶועלֶען אַן דֶעם
דָאזִיגֶען אָרְט בֶּעטֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
הֶערֶען פוּן דֶעם אָרְט דֵיינֶער וְואוֹינוּנְג
אִים הִימֶעל, אוּנְד אַז דוּא וֶועסְט הֶערֶען,
אַזוֹי זָאלְסְט דוּא פֶערְגֶעבֶּען:
31 וֶוען אֵיינֶער וֶועט אַן זֵיין גֶענֶבְסְטֶען
זִינְדִיגֶען, אוּנְד וֶועט אוֹיף אִיהְם אוֹיפְ־
לֵייגֶען אֵיין שְׁבֻעָה, אִיהְם צוּ בֶּעשְׁוֶוערֶען,
אוּנְד דִיא שְׁבֻעָה וֶועט קוּמֶען פַאר דֵיין
מִזְבֵּחַ, אִין דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז:
32 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא עֶרְהֶערֶען אִים
הִימֶעל, אוּנְד זָאלְסְט טְהוּן, אוּנְד זָאלְסְט
רִיכְטֶען דֵיינֶע קְנֶעכְט, צוּ פֶערְשׁוּלְדִיגֶען
דֶעם זִינְדִיגֶען, צוּ גֶעבֶּען זֵיינֶע אוֹיפְ־
פִיהְרוּנְג אוֹיף זֵיין קָאפּ, אוּנְד גֶערֶעכְט
מַאכֶען דֶעם גֶערֶעכְטֶען, אִיהְם צוּ גֶעבֶּען
נָאךְ זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקַייט:
33 וֶוען דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל וֶועט גֶע־
שְׁלָאגֶען וֶוערֶען פַאר דֶעם פֵיינְד, ווייל
זֵייא הָאבֶּען צוּ דִיר גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד
זֵייא וֶועלֶען זִיךְ בֶּעקֶעהְרֶען צוּ דִיר,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען בֶּעקֶענֶען דֵיין נָאמֶען,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען בֶּעטֶען צוּ דִיר אִין
דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז:
34 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא עֶרְהֶערֶען אִים

הימעל

הִימֶעל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט פֶערְגֶעבֶּען צוּ דִיא זִינְד פוּן דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זָאלְסְט זַייא צוּרִיקבְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם לַאנְד, וָואס דוּא הָאסְט גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן:

35 וֶוען עֶס וֶועט פֶערשְׁלָאסֶען וֶוערֶען דֶער הִימֶעל, אוּנְד עֶס וֶועט נִיט זַיין קֵיין רֶעגֶען, ווייל זַייא הָאבֶּען קֶעגֶען דִיר גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד זַייא וֶועלֶען בֶּעטֶען אַן דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, אוּנְד זַייא וֶועלֶען בֶּעקֶענֶען דֵיין נָאמֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען זִיךְ בֶּעקֶעהְרֶען פוּן זֵייעֶרֶע זִינְד, וָואס דוּא וֶועסְט זַייא דְרִיקֶען:

36 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא עֶרְהֶערֶען אִים הִימֶעל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט פֶערְגֶעבֶּען צוּ דִיא זִינְד פוּן דֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד פוּן דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, דָאס דוּא זָאלְסְט זַייא ווייזֶען דֶעם גוּטֶען וֶועג, וָואס זַייא זָאלֶען גֵיין אִין אִיהְם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען רֶעגֶען אוֹיף דֵיין לַאנְד, וָואס דוּא הָאסְט גֶעגֶעבֶּען צוּ דֵיין פָאלְק אַלְס אֵיין יְרוּשָׁה:

37 וֶוען עֶס וֶועט זַיין אֵיין הוּנְגֶער אִים לַאנְד, אָדֶער עֶס וֶועט זַיין אֵיין פֶּעסְט, אֵיין גֶעטְרֵיידֶע בְּרַאנְד, גֶעלְבּ זוּכְט, אָדֶער אוֹיבּ עֶס וֶועט זַיין הֵיישֶׁרֶעקֶען, אָדֶער זַיין פֵיינְד וֶועט אִיהְם בֶּעלַאגֶערֶען אִין זַיין לַאנְד, אַן זֵיינֶע טוֹיעֶרֶען, יֶעדֶע פְּלָאג וָואס עֶס וֶועט זַיין, יֶעדֶע קְרַאנְקְהֵייט:

38 אִיטלִיכֶעס גֶעבֶּעט, אוּנְד גֶעוֵויין, וָואס עֶס וֶועט זַיין צוּ יֶעדֶען אֵיינְצִיגֶען מֶענְשׁ, אָדֶער צוּ דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, וָואס אִיטלִיכֶער וֶועט עֶרְפַאהְרֶען זַיין פְּלָאג פוּן זַיין הַארְץ, אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען זֵיינֶע הֶענְד צוּ דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז:

39 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא עֶרְהֶערֶען אִים הִימֶעל, אִין דֶעם אָרְט פוּן דֵיינֶע וְואוֹינוּנְג, אוּנְד זָאלְסְט פֶערְגֶעבֶּען, אוּנְד זָאלְסְט שַׁאפֶען, אוּנְד גֶעבֶּען יֶעדֶערֶען נָאךְ זֵיינֶע וֶועגֶען, ווייל דוּא קֶענְסְט זַיין הַארְץ, וָוארִין דוּא אַלֵיין קֶענְסְט דָאס הַארְץ פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער:

40 אַז זַייא זָאלֶען זִיךְ פַאר דִיר פָארְכְטֶען אַלֶע טֶעג, אַזוֹי לַאנְג ווִיא זַייא וֶועלֶען לֶעבֶּען אוֹיף דֶעם לַאנְד, וָואס דוּא הָאסְט גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערֶען:

41 אוּנְד אוֹיךְ צוּ דֶעם פְרֶעמְדֶען, וָואס אִיז נִיט פוּן דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען פוּן אֵיין ווייטֶען לַאנְד, אוּם דֵיין נָאמֶענְ'ס וֶועגֶען:

42 וָוארִין זַייא וֶועלֶען הֶערֶען פוּן דֵיין גְרוֹיסֶען נָאמֶען, אוּנְד פוּן דֵיינֶע מֶעכְטִיגֶע הַאנְד, אוּנְד דֵיין אוֹיסְגֶע־שְׁטְרֶעקְטֶען אָרֶעם, אוּנְד עֶר וֶועט קוּמֶען, אוּנְד עֶר וֶועט בֶּעטֶען אִין דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז:

43 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא הֶערֶען אִים הִימֶעל, דֶעם אָרְט פוּן דֵיינֶע וְואוֹינוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן, אַלֶעם וָואס דֶער פְרֶעמְדֶער וֶועט צוּ דִיר רוּפֶען, כְּדֵי אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן דֶער עֶרְד זָאלֶען דֶערְקֶענֶען דֵיין נָאמֶען, דָאס זַייא זָאלֶען זִיךְ פָארְכְטֶען פַאר דִיר, ווִיא דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זַייא זָאלֶען ווִיסֶען דָאס דֵיין נָאמֶען וֶוערְט גֶע־רוּפֶען אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבּוֹיט:

44 וֶוען דֵיין פָאלְק וֶועט אַרוֹיסְגֵיין אִין דֶער מִלְחָמָה קֶעגֶען זֵיינֶע פֵיינְד, אִין דֶעם וֶועג וָואס דוּא וֶועסְט זַייא שִׁיקֶען,

אוּנְד זַייא װֶעלֶען בֶּעטֶען צוּ גָאט, אוֹיף דֶעם װֶעג צוּ דֶער שְׁטָאט װָאס דוּא הָאסְט אוֹיסְדֶערְװֶעהְלְט, אוּנְד צוּ דֶעם הוֹיז, װָאס אִיךְ הָאבּ צוּ דַיין נָאמֶען גֶעבּוֹיט:

45 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זַייעֶר גֶעבֶּעט אוּנְד גֶעװֵיין עֶרְהֶערֶען אִים הִימֶעל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן זַייעֶר רֶעכְט:

46 װֶען זַייא װֶעלֶען קֶעגֶען דִיר זִינְדִיגֶען, —װָארִין עֶס אִיז נִיט דָא אֵיין מֶענְשׁ װָאס זִינְדִיגְט נִיט— אוּנְד דוּא װֶעסְט אוֹיף זַייא צָארְנֶען, אוּנְד װֶעסְט זַייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען פַאר דֶעם פֵיינְד, אוּנְד זַייא װֶעלֶען זַייא אַװֶעקְפִיהְרֶען אִין דֶעם לַאנְד פוּן דֶעם פֵיינְד; װַייט אָדֶער נָאהֶענְט:

47 אוּנְד זַייא װֶעלֶען זִיךְ אִין דֶעם הַארְץ בֶּעדֶענְקֶען אִין דֶעם לַאנְד װְאוּ זַייא זֶענֶען דָארְטֶען גֶעפַאנְגֶען גֶעװָארֶען, אוּנְד זַייא װֶעלֶען זִיךְ בֶּעקֶעהְרֶען, אוּנְד זַייא װֶעלֶען פוּן דֶעם לַאנְד פוּן זַייעֶר גֶעפֶענְגֶענִים צוּ דִיר בֶּעטֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, מִיר הָאבֶּען אוּנְרֶעכְט גֶעטְהוּן, אוּנְד מִיר הָאבֶּען פֶערְשׁוּלְדִיגְט:

48 אוּנְד זַייא װֶעלֶען זִיךְ בֶּעקֶעהְרֶען צוּ דִיר מִיט זַייעֶר גַאנְצֶען הַארְץ, אוּנְד מִיט זַיירֶע גַאנְצֶע זֶעלֶע, אִים לַאנְד פוּן זַיירֶע פֵיינְד װָאס זַייא הָאבֶּען זַייא גֶעפַאנְגֶען, אוּנְד זַייא װֶעלֶען צוּ דִיר בֶּעטֶען אוֹיף דֶעם װֶעג צוּ זַייעֶר לַאנְד, װָאס דוּא הָאסְט גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיירֶע עֶלְטֶערְן, צוּ דִיא שְׁטָאט װָאס דוּא הָאסְט אוֹיסְדֶערְװֶעהְלְט, אוּנְד צוּ דֶעם הוֹיז װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעבּוֹיט צוּ דַיין נָעמֶען:

49 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זַייעֶר גֶעבֶּעט, אוּנְד זַייעֶר גֶעװֵיין, עֶרְהֶערֶען אִים הִימֶעל, אִין דֶעם אָרְט פוּן דַיינֶע װְאוֹינוּנְג, אוּנְד דוּא װֶעסְט זַייא רֶעכְט טְהוּן:

50 אוּנְד אַזוֹי װֶעסְט דוּא פֶערְגֶעבֶּען צוּ דַיין פָאלְק, װָאס הָאבֶּען צוּ דִיר גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד צוּ אַלֶע זַייעֶרֶע שׁוּלְדֶען װָאס זַייא הָאבֶּען גֶעשׁוּלְדִיגְט אַן דִיר, אוּנְד דוּא װֶעסְט זַייא גֶעבֶּען צוּ עֶרְבַּארְמוּנְג פַאר זַייעֶרֶע פַאנְגֶער, אוּנְד זַייא װֶעלֶען זִיךְ דֶערְבַּארְמֶען:

51 װָארִין זַייא זֶענֶען דַיין פָאלְק אוּנְד נַחֲלָה, װָאס דוּא הָאסְט אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט פוּן מִצְרַיִם, אוֹיס דֶעם אֵייזֶערְנֶעם אוֹיפֶען:

52 דָאס דַיינֶע אוֹיגֶען זָאלֶען זַיין אָפֶען צוּ דֶעם גֶעבֶּעט פוּן דַיין קְנֶעכְט, אוּנְד צוּ דֶעם גֶעבֶּעט פוּן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, דָאס דוּא זָאלְסְט זַייא הֶערֶען אִין אַלֶע זַיירֶע רוּפוּנְג צוּ דִיר:

53 װָארִין דוּא הָאסְט זַייא אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט צוּ דַיינֶע נַחֲלָה אוֹיס אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן דֶער עֶרְד, װִיא דוּא הָאסְט גֶערֶעט דוּרְךְ דַיין קְנֶעכְט משֶׁה, אַלְס דוּא הָאסְט אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן אַרוֹיסְגֶעפִירְט פוּן מִצְרַיִם, אָ הַאר גָאט:

54 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען שְׁלֹמֹה הָאט גֶעעֶנְדִיגְט צוּ בֶּעטֶען צוּ דֶעם הַאר דָאס דָאזִיגֶע גַאנְצֶע גֶעבֶּעט, אוּנְד גֶעװֵיין, אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם הַאר, פוּן דֶעם קְנִיעֶן זִיךְ אוֹיף זַיינֶע קְנִיעֶן, מִיט זַיינֶע הֶענְד אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט צוּ דֶעם הִימֶעל:

55 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד הָאט גֶעבֶּענְשְׁט דִיא גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן יִשְׂרָאֵל מִיט אַ הוֹיכֶער שְׁטִימֶע, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

56 גֶעלויבְּט אִיז דֶער הַאר וָואס עֶר
הָאט גֶעגֶעבֶּען רוהֶע צוּ זַיין פָאלְק
יִשְׂרָאֵל, אַזוי וִויא עֶר הָאט גֶערֶעט,
קֵיין וָוארְט פֶעהְלְט פוּן אַלֶע זַיינֶע גוּטֶע
רֵייד וָואס עֶר הָאט צוּגֶעזָאגְט דוּרְךְ זַיין
קְנֶעכְט מֹשֶׁה׃
57 דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט זָאל זַיין
מִיט אוּנְס, וִויא עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט
אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן, עֶר זָאל אוּנְס נִיט
פֶערְלָאזֶען, אוּנְד עֶר זָאל אוּנְס נִיט
פֶערְשְׁטוֹיסֶען׃
58 צוּ נֵייגֶען אוּנְזֶער הַארְץ צוּ אִיהְם,
דָאס מִיר זָאלֶען גֵיין אִין אַלֶע זַיינֶע
וֶועגֶען, אוּנְד צוּ הִיטֶען זַיינֶע מִצְוֹת,
אוּנְד זַיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד זַיינֶע מִשְׁפָּטִים
וָואס עֶר הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ אוּנְזֶערֶע
עֶלְטֶערְן׃
59 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע װערְטֶער וָואס
אִיךְ הָאבּ גֶעבֶּעטֶען פַאר דֶעם הַאר
זָאלֶען זַיין נָאהֶענְט צוּ דֶעם הַאר,
אוּנְזֶער גָאט, טָאג אוּנְד נַאכְט, אוּנְד
צוּ טְהוּן דָאס רֶעכְט פוּן זַיין קְנֶעכְט,
אוּנְד דָאס רֶעכְט פוּן זַיין פָאלְק
יִשְׂרָאֵל טָאג פַאר טָאג׃
60 כְּדֵי אַז אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן דֶער
עֶרְד זָאלֶען עֶרְקֶענֶען דָאס יְהֹוָה אִיז
גָאט, אוּנְד קֵיינֶער מֶעהְר׃
61 אוּנְד אַז אֵייעֶר הַארְץ זָאל זַיין גַאנְץ
מִיט דֶעם הַאר, אוּנְזֶער גָאט, צוּ גֵיין
נָאךְ זַיין גֶעזֶעץ, אוּנְד צוּ הִיטֶען זַיינֶע
מִצְוֹת, וִויא עֶס אִיז דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג׃
62 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל
הָאט גֶעשָׁאכְטֶען פַאר יְהוה אַ שֶׁעכְטוּנְג׃
63 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעשָׁאכְטֶען דִיא
שְׁלָמִים וָואס עֶר הָאט גֶעשָׁאכְטֶען צוּ
דֶעם הַאר צְוֵויא אוּנְד צְוַאנְצִיג טוֹיזֶענְד
רִינְדֶער אוּנְד הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַאנְצִיג
טוֹיזֶענְד שָׁאף, אַזוי הָאבֶּען זַייא מְחַנֵךְ
גֶעוֶועזֶען דָאס הויז פוּן גָאט, דֶער מֶלֶךְ
אוּנְד אַלֶע קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל׃
64 אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג הָאט דֶער
מֶלֶךְ גֶעהֵיילִיגְט דָאס מִיטֶעל־הויז וָואס
אִיז פַאר דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר, וַוייל
עֶר הָאט דָארְטֶען גֶעמַאכְט דָאס בְּרַאנְד־
אָפְּפֶער, אוּנְד דָאס שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער,
אוּנְד דָאס פֶעט פוּן דִיא פְרִיד־אָפְּפֶער,
וָוארִין דֶער קוּפֶּערְנֶער מִזְבֵּחַ וָואס וַואר
פַאר דֶעם הַאר וַואר צוּ קְלֵיין צוּ
פֶערְנֶעמֶען דִיא בְּרַאנְד־אָפְּפֶער אוּנְד
דִיא שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער דָאס פֶעט פוּן דֶעם
פְרִיד־אָפְּפֶער׃
65 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעמַאכְט אִין
דֶער דָאזִיגֶער צֵייט אַ פֵייעֶרְטָאג, אוּנְד
גַאנְץ יִשְׂרָאֵל מִיט אִיהְם, אֵיינֶע
גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג, פוּן דֶער גְרֶענֶעץ
אַן חֲמָת בִּיז צוּ דֶעם טֵייךְ פוּן מִצְרַיִם,
פַאר דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט, זִיבֶּען
טֶעג, אוּנְד נָאךְ זִיבֶּען טֶעג, פִירְצֶעהְן
טֶעג׃
66 אוּנְד אִין דֶעם אַכְטֶען טָאג הָאט
עֶר דָאס פָאלְק אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען דֶעם מֶלֶךְ גֶעבֶּענְשְׁט אוּנְד זֶענֶען
גֶעגַאנְגֶען צוּ זַיירֶע גֶעצֶעלְטֶען פְרֵיילִיךְ,
אוּנְד מִיט גוּטֶען מוּטְה אִיבֶּער אַלֶעם
גוּטֶען וָואס דֶער הַאר הָאט גֶעטְהוּן
צוּ זַיין קְנֶעכְט, צוּ דָוִד, אוּנְד זַיין פָאלְק
יִשְׂרָאֵל׃

## קאפיטעל ט

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַלְס שְׁלֹמֹה
הָאט פֶערְטִיג גֶעמַאכְט צוּ בּוֹיעֶן דָאס
הויז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד דָאס הויז פוּן
דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע בֶּעגֶעהְר
פוּן שְׁלֹמֹה וָואס עֶר הָאט גֶעוָואלְט
מַאכֶען׃

אזוי

2 אַזוי הָאט זִיךְ דֶער הַאר בֶּעווִיזֶען
צוּ שְׁלֹמֹה דָאס צְווייטֶע מָאל, אַזוי
ווִיא עֶר הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ אִיהְם
אִין גִּבְעוֹן׃
3 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אִיהְם, אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דֵיין גֶעבֶּעט,
אוּנְד דֵיין גֶעווִיין, וָואס דוּא הָאסְט
פַאר מִיר גֶעבֶּעטֶען, אִיךְ הָאבּ דָאס
דָאזִיגֶע הויז גֶעהֵיילִיגְט וָואס דוּא הָאסְט
גֶעבּוֹיט, צוּ טְהוּן דָארְטֶען מֵיין נָאמֶען
אוֹיף אֵייבִּיג, אוּנְד מֵיינֶע אוֹיגֶען אוּנְד
מֵיין הַארְץ וֶועלֶען דָארְטֶען זֵיין אַלֶע
טֶעג׃
4 אוּנְד דוּא, ווֶען דוּא ווֶעסְט גֵיין
פַאר מִיר ווִיא דֵיין פָאטֶער דָוִד אִיז גֶע־
גַאנְגֶען מִיט אַ רֶעכְטְשַׁאפֶענֶעם הַארְץ,
אוּנְד מִיט רֶעכְטְפַארְטִיגְקֵייט, צוּ טְהוּן
אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען,
דוּא ווֶעסְט הִיטֶען מֵיינֶע גֶעזֶעצְ אוּנְד
מֵיינֶע מִצְוֹת׃
5 אַזוי ווֶעל אִיךְ בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען דֶעם
שְׁטוּהְל פוּן דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ אִיבֶּער
יִשְׂרָאֵל אוֹיף אֵייבִּיג, אַזוי ווִיא אִיךְ
הָאבּ גֶערֶעט צוּ דֵיין פָאטֶער דָוִד, אַזוי
צוּ זָאגֶען, עֶס ווֶעט דִיר נִיט פֶערְשְׁנִיטֶען
ווֶערֶען אַ מַאן פוּן דֶעם שְׁטוּהְל פוּן
יִשְׂרָאֵל׃
6 אוּנְד ווֶען אִיהְר אוּנְד אֵייעֶרֶע
קִינְדֶער ווֶעלֶען זִיךְ אָפְּקֶעהְרֶען פוּן
מִיר, אוּנְד אִיהְר ווֶעט נִיט הִיטֶען מֵיינֶע
מִצְוֹת, אוּנְד מֵיינֶע גֶעזֶעצְ וָואס אִיךְ
הָאבּ פַאר אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען, נֵייעֶרְט אִיהְר
ווֶעט גֵיין אוּנְד אִיהְר ווֶעט דִינֶען פְרֶעמְ־
דֶע גֶעטֶער, אוּנְד אִיהְר ווֶעט אֵייךְ
צוּ זֵייא בִּיקֶען׃
7 אַזוי ווֶעל אִיךְ פֶערְטִילְגֶען יִשְׂרָאֵל
פוּן דֶעם אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶעם לַאנְד, וָואס
אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד דָאס
הויז וָואס אִיז גֶעהֵיילִיגְט צוּ מֵיין נָאמֶען
ווֶעל אִיךְ פֶערְוַוארְפֶען פוּן מֵיין אָנְגֶעזִיכְט,
אוּנְד יִשְׂרָאֵל ווֶעט זֵיין צוּ אַ בֵּיישְׁפִּיל,
אוּנְד צוּ אַ שְׁפָּאט, אוּנְטֶער אַלֶע
פֶעלְקֶער׃
8 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע הויז וָואס אִיז
דֶערְהוֹיבֶּען, אִיטְלִיכֶער וָואס ווֶעט
פַארְבֵּייגֵיין ווֶעט זִיךְ ווְאוּנְדֶערֶען, אוּנְד
צִישֶׁען (שְׁמוּעֶען) אוּנְד זֵייא ווֶעלֶען
זָאגֶען, ווָארוּם הָאט דֶער הַאר אַזוי
גֶעטְהוּן צוּ דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, אוּנְד
צוּ דֶעם דָאזִיגֶען הויז?
9 אַזוי ווֶעט מֶען זָאגֶען, ווייל זֵייא
הָאבֶּען פֶערְלָאזֶען דֶעם הַאר, זֵייעֶר
גָאט, וָואס עֶר הָאט זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן
אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶענוּמֶען פְרֶעמְדֶע
גֶעטֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט
צוּ זֵייא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא
גֶעדִינְט, דַארִיבֶּער הָאט דֶער הַאר
אִיבֶּער זֵייא גֶעבְּרַאכְט דִיא דָאזִיגֶע
גַאנְצֶע בֵּייזְהֵייט׃
10 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַם עֶנְדֶע
פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר, וָואס שְׁלֹמֹה הָאט
גֶעבּוֹיט דִיא צְווייא הֵייזֶער—דָאס הויז
פוּן דֶעם הַאר אוּנְד דָאס הויז פוּן
דֶעם מֶלֶךְ׃
11 אוּנְד צוּ ווֶעלְכֶען חִירָם דֶער מֶלֶךְ
פוּן צוֹר הָאט אוּנְטֶערְשְׁטִיצְט שְׁלֹמֹה'ן
מִיט צֶעדֶערְבּוֹימֶער, אוּנְד מִיט טֶענֶענְ־
בּוֹימֶער, אוּנְד מִיט גָאלְד, נָאךְ זֵיין
גַאנְצֶען בֶּעגֶעהְר,—דֶענְסְטְמָאל הָאט
דֶער מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה גֶעגֶעבֶּען צוּ חִירָם
צְוַואנְצִיג שְׁטֶעט אִין דֶעם לַאנְד גָלִיל׃
12 אוּנְד חִירָם אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
פוּן צוֹר צוּ זֶעהֶען דִיא שְׁטֶעט וָואס

שְׁלֹמֹה הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד
זַייא זֶענֶען אָבֶּער נִיט גֶעפֶּעלֶען גֶע־
וֶועזֶען אִין זַיינֶע אוֹיגֶען׃
13 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס זֶענֶען
דִּיא דָאזִינֶע פַּאר אַ שְׁטֶעט וָואס דוּא
הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, מֵיין בְּרוּדֶער?
אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶערוּפֶען דָאס לַאנְד
כָּבוּל בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃
14 אוּנְד חִירָם הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ דֶעם
מֶלֶךְ הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַאנְצִיג צֶענְטְנֶער
גָאלְד׃
15 אוּנְד דָאס אִיז דִּיא אָרְדְנוּנְג פוּן
דִּיא צִינְז, וָואס דֶער מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה הָאט
אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט, צוּ בּוֹיעֶן דָאס הוֹיז פוּן
דֶעם הַאר, אוּנְד זֵיין הוֹיז, אוּנְד מִלוֹא,
אוּנְד דִּיא מוֹיעֶר אַרוּם יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
חָצוֹר אוּנְד מְגִדוֹ, אוּנְד גֶזֶר׃
16 וָוארִין פַּרְעוֹה דֶער מֶלֶךְ פוּן מִצְרַיִם
אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט אֵיינְ־
גֶענוּמֶען גֶזֶר, אוּנְד עֶר הָאט זִיא פֶערְ־
בְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר, אוּנְד דֶעם כְּנַעֲנִי
וָואס וְואוֹינְט אִין דֶער שְׁטָאט הָאט עֶר
גֶעטֵייט, אוּנְד עֶר הָאט זִיא אָפְּגֶעגֶעבֶּען
אַלְס אַ גֶעשַׁאנְק צוּ זַיינֶע טָאכְטֶער, דָאס
ווַייבּ פוּן שְׁלֹמֹה׃
17 אַזוֹי הָאט שְׁלֹמֹה גֶעבּוֹיט גֶזֶר, אוּנְד
דָאס נִידְרִיגֶע בֵּית חוֹרִין׃
18 אוּנְד בַּעֲלָת אוּנְד תַּדְמוֹר אִין
דֶער מִדְבָּר, אִין דֶעם לַאנְד׃
19 אוּנְד אַלֶע פָארְרַאטְהּ שְׁטֶעט, אוּנְד
דִּיא שְׁטֶעט פַאר דִּיא רֵייטְוֶועגֶען, אוּנְד
דִּיא שְׁטֶעט פַאר דִּיא רֵייטֶער, אוּנְד
דִּיא לוּסְט פוּן שְׁלֹמֹה וָואס עֶר הָאט
גֶעגְלוּסְט צוּ בּוֹיעֶן אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד
אִין לְבָנוֹן, אוּנְד אִין דֶעם גַאנְצֶעם
לַאנְד פוּן זַיינֶע הֶערְשַׁאפְט׃
20 דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס זֶענֶען
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דֶעם אֱמוֹרִי, דֶעם
חִתִּי דֶעם פְּרִזִּי, דֶעם חִוִּי אוּנְד דֶעם
יְבוּסִי וָואס זֶענֶען נִיט פוּן דִּיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל׃
21 אוּנְד זֵיירֶע קִינְדֶער וָואס זֶענֶען
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען נָאךְ זֵייא אִין דֶעם לַאנְד,
וָואס דִּיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זֵייא
נִיט גֶעקָאנְט פֶערְטִילְגֶען, זֵייא הָאט
שְׁלֹמֹה גֶעמַאכְט צוּ צִינְז־קְנֶעכְט בִּיז אוֹיף
דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃
22 אָבֶּער פוּן דִּיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
הָאט שְׁלֹמֹה נִיט גֶעמַאכְט קֵיין קְנֶעכְט,
וָוארִין זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען קְרִיגְסְלֵייטֶע,
אוּנְד זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד זַיינֶע פִירְשְׁטֶען,
אוּנְד זַיינֶע הוֹיפְּטְלֵייט, אוּנְד דִּיא
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אִיבֶּער זַיינֶע רֵייטְוֶועגֶען
אוּנְד רֵייטֶער׃
23 דִּיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִּיא
הוֹיפְּטְלֵייטֶע צוּ שְׁלֹמֹה אִיבֶּער דֶער
אַרְבֵּייט, פִינְף הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג
וָואס הָאבֶּען גֶעהֶערְשְׁט אִיבֶּער דֶעם
פָאלְק וָואס טְהוּן דִּיא אַרְבֵּייט׃
24 אוּנְד וֶוען פַּרְעוֹה'ס טָאכְטֶער אִיז
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דָוִד'ס שְׁטָאט צוּ
אִיהְר הוֹיז וָואס עֶר הָאט אִיהְר גֶע־
בּוֹיט, הָאט עֶר דֶענְסְמָאל גֶעבּוֹיט מִלוֹא׃
25 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט
דְרֵייא מָאל אִים יָאהְר עוֹלוֹת, אוּנְד
שְׁלָמִים, אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ וָואס עֶר
הָאט גֶעבּוֹיט צוּ דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר
הָאט אוֹיף אִיהְם מַקְטִיר גֶעוֶועזֶען צוּ
דֶעם הַאר; אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר
פֶערְטִיג גֶעמַאכְט דָאס הוֹיז׃
26 אוּנְד אַ שִׁיף הָאט דֶער קֶענִיג
שְׁלֹמֹה גֶעמַאכְט אִין עֶצְיוֹן גֶבֶר, וָואס אִיז
בֵּייא אֵילוֹת, אַן דֶעם בְּרֶעג פוּן דֶעם
יַם סוּף אִין דֶעם לַאנְד אֱדוֹם׃

אוּנְד

27 אוּנְד חִירָם הָאט מִיט דֶעם שִׁיף מִיט שְׁלמֹה'ס קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט זַיינֶע קְנֶעכְט שִׁיפְסְלַייט וָואס קֶענֶען דָאס יַם, :

28 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ אוֹפִיר, אוּנְד זַייא הָאבֶּען פוּן דָארְטֶען גֶענוּמֶען פִיר הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג צֶענְטְנֶער גָאלְד, אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם קֶענִיג שְׁלמֹה :

## קאפיטעל י

1 אוּנְד אַלְס דִיא מַלְכָּה פוּן שְׁבָא הָאט גֶעהֶערְט דֶעם שֵׁם פוּן שְׁלמֹה וֶועגֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הָאר. אִיז זִיא גֶעקוּמֶען אִיהְם צוּ פְּרִיפֶען דוּרךְ רֶעטְזֶעלֶען :

2 אוּנְד זִיא אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם מִיט זֶעהְר אַ גְרוֹיסֶען חַיִל, קַאמֶעלֶען וָואס טְרָאגֶען גֶעוֶוירְץ, אוּנְד זֶעהְר פִיל גָאלְד אוּנְד עֶדֶעלְשְׁטֵיינֶער, אוּנְד זִיא אִיז גֶעקוּמֶען צוּ שְׁלמֹה'ן אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט אַלֶעס וָואס אִיז בֵּייא אִיהְר גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם הַארְץ :

3 אוּנְד שְׁלמֹה הָאט אִיהְר גֶעזָאגְט אַלֶע אִיהְרֶע רֵייד, עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אֵיין זַאךְ פֶערְבָּארְגֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ וָואס עֶר הָאט נִיט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט :

4 אוּנְד דִיא מַלְכָּה פוּן שְׁבָא הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא גַאנְצֶע חָכְמָה פוּן שְׁלמֹה, אוּנְד דָאס הוֹיז וָואס עֶר הָאט גֶעבּוֹיט :

5 אוּנְד דִיא שְׁפֵּייז פוּן זַיין טִישׁ, אוּנְד דִיא וְואוֹינוּנְג פוּן זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד דִיא אָרְדְנוּנְג פוּן זַיינֶע דִינֶער, אוּנְד זֵיירֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זַיין גֶעטְרַאנְק, אוּנְד זַיינֶע עוֹלוֹת וָואס עֶר אוֹיפְבְּרַאכְט אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הָאר, אוּנְד אִיהְר אִיז מֶעהְר קֵיין גֵייסְט גֶעבְּלִיבֶּען :

6 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, דִיא זַאךְ אִיז גֶעוֶועזֶען אֶמֶת, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אִין מֵיין לַאנְד וֶועגֶען דִיר, אוּנְד וֶועגֶען דֵיינֶע חָכְמָה :

7 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ דִיא רֵייד נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, בִּיז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אוּנְד מֵיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה, דִיא הֶעלְפְט אִיז מִיר נִיט גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, דוּא הָאסְט מֶעהְר חָכְמָה אוּנְד גוּטֶעס, וִויא דֶער בֶּערִיכְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט :

8 וְואוֹיל אִיז צוּ דֵיינֶע מֶענְשֶׁען, וְואוֹיל צוּ דִיא דָאזִיגֶע קְנֶעכְט, וָואס שְׁטֵייעֶן פַאר דִיר שְׁטֶענְדִיג, וָואס הֶערֶען דֵיינֶע חָכְמָה :

9 גֶעבֶּענְשְׁט זָאל זַיין דֶער הַאר דֵיין גָאט, וָואס עֶר הָאט אִין דִיר בֶּעגֶעהְרְט, אוּם דִיךְ צוּ זֶעצֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן יִשְׂרָאֵל, וֶוייל דֶער הַאר הָאט יִשְׂרָאֵל לִיבּ אֵייבִּיג, אַזוֹי הָאט עֶר דִיךְ גֶעמַאכְט צוּ אַ מֶלֶךְ, צוּ טְהוּן מִשְׁפָּט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט :

10 אוּנְד זִיא הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם מֶלֶךְ הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג צֶענְטְנֶער גָאלְד, אוּנְד זֶעהְר פִיל גֶעוֶוירְץ, אוּנְד עֶדֶעלְשְׁטֵיינֶער, עֶס אִיז מֶעהְר נִיט גֶעקוּמֶען אַזוֹי פִיל גֶעוֶוירְץ וִויא דִיא מַלְכָּה פוּן שְׁבָא הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ שְׁלמֹה :

11 אוּנְד אוֹיךְ חִירָם'ס שִׁיף וָואס הָאט גֶעטְרָאגֶען גָאלְד פוּן אוֹפִיר, הָאט פוּן אוֹפִיר גֶעבְּרַאכְט זֶעהְר פִיל קַארַאלֶען הָאלְץ, אוּנְד עֶדֶעלְשְׁטֵיינֶער :

12 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעמַאכְט פוּן דֶעם קַארַאלְלֶען־הָאלְץ אַ גֶעלֶענְדֶער צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד הַארְפֶען אוּנְד פְלֵייטֶען פַאר דִיא זִינְגֶער, עֶס אִיז אַזוֹי פִיל קַארַאלֶען־הָאלְץ נִיט

גֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען, בִּיז אוֹיף דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג׃

13 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא מַלְכָּה פוּן שְׁבָא אִיהְר גַאנְצֶעס בֶּעגֶעהְר, וָואס זִיא הָאט פֶערלַאנְגְט, חוּץ דֶעם וָואס עֶר הָאט אִיהְר גֶעגֶעבֶּען נָאךְ דֶער מֶעגְלִיכְקֵייט פוּן דֶעם מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהְר לַאנְד מִיט אִיהְרֶע קְנֶעכְט׃

14 אוּנְד דָאס גֶעוִויכְט פוּן דֶעם גָאלְד וָואס אִיז גֶעקוּמֶען צוּ שְׁלֹמֹה אִין אֵיין יָאהְר אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעכְּס הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעכְּס אוּנְד זֶעכְצִיג צֶענְטְנֶער גָאלְד׃

15 חוּץ דֶעם פוּן דִיא אַרוּמְגֵייעֶנְדֶע קְרֶעמֶער אוּנְד הַאנְדֶעל פוּן דִיא קוֹיפְלֵייט, אוּנְד פוּן אַלֶע אַרַאבִּישֶׁע מְלָכִים אוּנְד דִיא שְׁטָאטְהַאלְטֶערְס פוּן דֶעם לַאנְד׃

16 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה הָאט גֶעמַאכְט צְוֵייא הוּנְדֶערְט שִׁילְדֶען פוּן גֶעשְׁלָאגֶענֶעם גָאלְד, זֶעכְּס הוּנְדֶערְט גָאלְד שְׁטִיק אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף אֵיין שִׁילְד׃

17 אוּנְד דְרֵייא הוּנְדֶערְט פַאנְצֶער פוּן גֶעשְׁלָאגֶענֶעם גָאלְד, דְרֵייא מָנִים גָאלְד אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף אֵיין פַאנְצֶער, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אִין דֶעם זָאמֶער הוֹיז פוּן לְבָנוֹן׃

18 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶען שְׁטוּהְל פוּן עֶלֶעפַאנְט בֵּיין, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם בֶּעדֶעקְט מִיט רֵיינֶעם גָאלְד׃

19 זֶעכְּס טְרֶעפֶּען צוּ דֶעם שְׁטוּהְל, אוּנְד דִיא שְׁפִּיץ אִיז גֶעוֶועזֶען רוּנְדִיק פוּן בֵּיידֶע זֵייטֶען צוּ דֶעם שְׁטוּהְל אוּנְד צְוֵייא לֵייבֶּען זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דִיא זֵייטֶען׃

20 אוּנְד צְוֶועלְף לֵייבֶּען זֶענֶען דָארְטֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דִיא זֶעכְּס טְרֶעפֶּען פוּן בֵּיידֶע זֵייטֶען, אוּנְד אַזוֹי אִיז נִיט גֶעמַאכְט גֶעוֶועזֶען צוּ קֵיין קֶענִיגְרֵייךְ׃

21 אוּנְד אַלֶע טְרִינְק־גֶעפֶעס פוּם מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן גָאלְד, אוּנְד אַלֶע כֵּלִים אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם וַואלְד לְבָנוֹן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן רֵיינֶעם גָאלְד, זִילְבֶּער אִיז נִיט גֶעאַכְטֶעט גֶעוֶועזֶען אִין שְׁלֹמֹה׳ס צֵייטֶען׃

22 וָוארִין אַ שִׁיף נָאךְ תַּרְשִׁישׁ וָואס אִיז אִין יַם, מִיט חִירָם׳ס שִׁיף, אִיז גֶעקוּמֶען אֵיין מָאל אִין דְרֵייא יָאהְר, דָאס שִׁיף הָאט גֶעטְרָאגֶען גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער, עֶלֶעפַאנְטֶען אוּנְד אַפֶּען, אוּנְד פְּפוֹיעֶן׃

23 אַזוֹי אִיז דֶער מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה גֶעוֶועזֶען גְרֶעסֶער פוּן אַלֶע מְלָכִים פוּן דֶעם לַאנְד, מִיט רֵייכְטְהוּם אוּנְד מִיט חָכְמָה׃

24 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט הָאט בֶּעגֶעהְרְט (צוּ זֶעהֶען) דָאס אָנְגֶעזִיכְט פוּן שְׁלֹמֹה, צוּ הֶערֶען זֵיינֶע חָכְמָה וָואס גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען אִין זֵיין הַארְץ׃

25 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט יֶעדֶער זֵיין גֶעשֶׁענְק, זִילְבֶּערְנֶע כֵּלִים אוּנְד גָאלְדֶענֶע כֵּלִים, אוּנְד קְלֵיידֶער, וָואפֶען, אוּנְד גֶעוִוירְץ, פֶערְד אוּנְד מוֹיל־אֵייזְלֶען, יָאהְר פַיר יָאהְר׃

26 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט פֶערְזַאמֶעלְט רֵייט וֶועגֶען אוּנְד רֵייטֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט טוֹיזֶענְט אוּנְד פִיר הוּנְדֶערְט רֵייט וֶועגֶען, אוּנְד צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד רֵייטֶער אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעלָאזֶען אִין דִיא וָואגֶענְשְׁטֶעט אוּנְד בֵּייא דֶעם מֶלֶךְ אִין יְרוּשָׁלַיִם׃

27 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעגֶעבֶּען

דאס

דָאס זִילְבֶּער אִין יְרוּשָׁלַיִם (אַזוֹי פִּיל)
וִויא שְׁטֵיינֶער, אוּנְד דִיא צֶעדֶערְן הָאט
עֶר גֶעגֶעבֶּען אַזוֹי פִּיל וִויא ווִילְדֶע
פֵייגֶענְבּוֹימֶער וָואס אִיז אִין טְהָאל:
28 אוּנְד דֶער אוֹיסְגַאנְג פוּן דִיא פֶערְד
וָואס וַוארֶען צוּ שְׁלֹמֹה, אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן
מִצְרַיִם, אוּנְד דִיא גֶעזֶעלְשַׁאפְט פוּן
דֶעם מֶלֶךְ'ס קוֹיפְלֵייט הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט,
דִיא אֵיינְצַאמְלוּנְג פַאר אַ פְּרֵייז:
29 אוּנְד עֶס אִיז אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען אַ וָואגֶען
פוּן מִצְרַיִם פַאר זֶעקְס הוּנְדֶערְט שֶׁקֶל
זִילְבֶּער, אוּנְד אֵיין פֶערְד פַאר הוּנְדֶערְט
אוּנְד פוּנְפְצִיג, אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ פַאר
אַלֶע מְלָכִים פוּן חִתִּים, אוּנְד פַאר דִיא
מְלָכִים פוּן אֲרָם הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּרַאכְט
דוּרְךְ זֵייעֶרֶע הַאנְד:

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה הָאט לִיבּ
גֶעהַאט פִילֶע פְרֶעמְדֶע ווייבֶּער, חוּץ
פַּרְעוֹה'ס טָאכְטֶער, פוּן מוֹאָב, פוּן
עַמּוֹן, פוּן אֱדוֹם, פוּן צִדוֹן, פוּן חִתִּי:
2 פוּן דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער וָואס דֶער
הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל, אִיהְר זָאלְט נִיט קוּמֶען צוּ זֵייא,
אוּנְד זֵייא זָאלֶען נִיט קוּמֶען צוּ אֵייךְ,
וָוארִין זֵייא וֶועלֶען אָפְּנֵייגֶען אֵייעֶר
הֶערְץ צוּ זֵייעֶרֶע גֶעטֶער; אִין זֵייא הָאט
זִיךְ שְׁלֹמֹה בֶּעהֶעפְט לִיבּ צוּ הָאבֶּען:
3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט, זִיבֶּען
הוּנְדֶערְט הוֹיפְּטְווייבֶּער, אוּנְד דְרֵייא
הוּנְדֶערְט קֶעבְּסְווייבֶּער, אוּנְד זֵיינֶע
ווייבֶּער הָאבֶּען אִיהְם אָפְּגֶענֵייגְט זֵיין
הַארְץ:
4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ דֶער
צֵייט פוּן דֶער עֶלְטֶער פוּן שְׁלֹמֹה,
אַזוֹי הָאבֶּען זֵיינֶע ווייבֶּער אָפְּגֶענֵייגְט זֵיין
הַארְץ נָאךְ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, אוּנְד זֵיין
הַארְץ אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען גַאנְץ מִיט
דֶעם הַאר, זֵיין גָאט, וִויא דָאס הַארְץ
פוּן זֵיין פָאטֶער דָוִד:
5 אוּנְד שְׁלֹמֹה אִיז נָאכְגֶעגַאנְגֶען
דֶעם עַשְׁתּוֹרֶת, דֶעם אָפְּגָאט פוּן דִיא
צִדוֹנִים, אוּנְד נָאךְ דֶעם מִלְכּוֹם, דֶעם
אָפְּגָאט פוּן עַמּוֹן:
6 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעטְהוּן דָאס
וָואס אִיז שְׁלֶעכְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן
דֶעם הַאר, אוּנְד הָאט נִיט גֶעפָאלְגְט
נָאךְ דֶעם הַאר, וִויא זֵיין פָאטֶער דָוִד:
7 דֶענְסְטְמָאל הָאט שְׁלֹמֹה גֶעבּוֹיט אַ
בָּמָה צוּ כְּמוֹשׁ, דֶעם אָפְּגָאט פוּן
מוֹאָב, אוֹיף דֶעם בַּארְג פוּן יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד צוּ מוֹלֶךְ, דֶעם אָפְּגָאט פוּן דִיא
בְּנֵי עַמּוֹן:
8 אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר גֶעטְהוּן צוּ
אַלֶע זֵיינֶע פְרֶעמְדֶע ווייבֶּער, זֵייא הָאבֶּען
גֶערֵייכֶערְט, אוּנְד גֶעשָׁאכְטֶען צוּ זֵייעֶרֶע
אָפְּגֶעטֶער:
9 אוּנְד דֶער הַאר הָאט אִיבֶּער שְׁלֹמֹה
גֶעצָארְנְט. וָוארִין עֶר הָאט אָפְּגֶעקֶעהְרְט
זֵיין הַארְץ פוּן דֶעם הַאר, דֶעם גָאט
פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם
צְוֵייא מָאל בֶּעוויזֶען:
10 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען
וֶועגֶען דֶער דָאזִיגֶער זַאךְ, אוּם נִיט
נָאךְ צוּ גֵיין נָאךְ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער,
אוּנְד עֶר הָאט אָבֶּער נִיט גֶעהִיט, וָואס
דֶער הַאר הָאט גֶעבָּאטֶען:
11 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט צוּ
שְׁלֹמֹה, ווייל דָאס דָאזִיגֶע אִיז בַּייא דִיר
גֶעשֶׁעהֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט נִיט גֶעהִיט
מֵיין בְּרִית, אוּנְד מֵיין גֶעזֶעץ וָואס אִיךְ
הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ פוּן
דִיר דָאס קֶענִיגְרֵייךְ אָפְּרֵייסֶען, אוּנְד
אִיךְ וֶועל עֶס גֶעבֶּען צוּ דֵיין קְנֶעכְט:

12 נוּר אִין דֵיינֶע טֶעג װֶעל אִיךְ עֶס נִיט טְהוּן, אוּם דֵיין פָאטֶער דָוִד'ס װִילֶען, פוּן דֵיין זוּהְן'ס הַאנְד װֶעל אִיךְ עֶס אָפְּרֵייסֶען׃

13 אָבֶּער דָאס גַאנְצֶע קֶענִיגְרֵייךְ װֶעל אִיךְ נִיט אָפְּרֵייסֶען, אֵיין שֵׁבֶט װֶעל אִיךְ גֶעבֶּען צוּ דֵיין זוּהְן, אוּם מֵיין קְנֶעכְט דָוִד'ס װִילֶען, אוּנְד װֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם, װָאס אִיךְ הָאבּ אוֹיסְדֶערְװֵיילְט׃

14 אוּנְד דֶער הַאר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט צוּ שְׁלֹמֹה אֵיין שָׂטָן, דֶעם הֲדַד פוּן אֱדוֹם, פוּן דִיא קֶענִיגְלִיכֶע קִינְדֶער װָאס אִיז אִין אֱדוֹם׃

15 װָארִין װֶוען דָוִד אִיז גֶעװֶעזֶען אִין אֱדוֹם, אוּנְד אַלְס דֶער הוֹיפְּטמַאן יוֹאָב אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ בֶּעגְרָאבֶּען דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע, הָאט עֶר עֶרְשְׁלָאגֶען אַלֶע זְכָרִים װָאס זֶענֶען גֶעװֶעזֶען אִין אֱדוֹם׃

16 װָארִין זֶעקְס חֳדָשִׁים אִיז דָארְטֶען יוֹאָב גֶעבְּלִיבֶּען מִיט גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, בִּיז עֶר הָאט פֶערְטִילִיגְט אַלֶע זְכָרִים אִין אֱדוֹם׃

17 אוּנְד אֲדַד אִיז עֶנְטְלָאפֶען מִיט עֶטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען פוּן זֵיין פָאטֶער'ס קְנֶעכְט, צוּ קוּמֶען קֵיין מִצְרַיִם, אוּנְד הֲדַד אִיז נָאךְ גֶעװֶעזֶען אֵיין קְלֵיינֶער יוּנְג׃

18 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן מִדְיָן, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין פָּארָן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען מֶענְשֶׁען פוּן פָּארָן, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין מִצְרַיִם, צוּ פַּרְעֹה דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אֵיין הוֹיז, אוּנְד שְׁפֵּייז הָאט עֶר אִיהְם צוּגֶעזָאגְט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען לַאנְד׃

19 אוּנְד הֲדַד הָאט זֶעהְר חֵן גֶעפוּנֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אֵיין װַייבּ,—זֵיין װַייבּ'ס שְׁװֶעסְטֶער, דִיא שְׁװֶעסְטֶער פוּן דִיא קֶענִיגִין תַּחְפְּנֵיס׃

20 אוּנְד דִיא שְׁװֶעסְטֶער פוּן תַּחְפְּנֵיס הָאט אִיהְם גֶעבּוֹירֶען זֵיין זוּהְן גְּנֻבַת, אוּנְד תַּחְפְּנֵיס הָאט אִיהְם עֶרְצוֹיגֶען אִין פַּרְעֹה'ס הוֹיז, אוּנְד גְּנֻבַת אִיז גֶעװֶעזֶען אִין פַּרְעֹה'ס הוֹיז, צְװִישֶׁען דִיא קִינְדֶער פוּן פַּרְעֹה׃

21 אוּנְד אַלְס הֲדַד הָאט גֶעהֶערְט אִין מִצְרַיִם, דָאס דָוִד הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט זֵיינֶע עֶלְטֶערֶען, אוּנְד אַז יוֹאָב דֶער הוֹיפְּט־מַאן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי הָאט הֲדַד גֶעזָאגְט צוּ פַּרְעֹה, שִׁיק מִיךְ אַװֶעק, אוּנְד אִיךְ װֶעל גֵיין צוּ מֵיין לַאנְד׃

22 אַזוֹי הָאט פַּרְעֹה צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, װָאס פֶעהְלְט דִיר דֶען בֵּייא מִיר, דָאס דוּא פֶערְלַאנְגְסְט צוּ גֵיין נָאךְ דֵיין לַאנְד? אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֵיין, נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט מִיךְ אַװֶעקְשִׁיקֶען׃

23 אוֹיךְ הָאט אִיהְם גָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט נָאךְ אֵיין שָׂטָן, רְזוֹן דֶער זוּהְן פוּן אֶלְיָדָע, װָאס אִיז עֶנְטְלָאפֶען פוּן זֵיין הַאר הֲדַדְעֶזֶר דֶער קֶענִיג פוּן צוֹבָה׃

24 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְזַאמֶעלְט צוּ זִיךְ מֶענְשֶׁען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעװָארֶען אֵיין הוֹיפְּטמַאן אִיבֶּער אֵיין שַׁאר, אַלְס דָוִד הָאט זֵייא דֶערשְׁלָאגֶען, זֶענֶען זֵייא אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ דַמֶשֶׂק אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ אִין אִיהְר בֶּעזֶעצְט, אוּנְד הָאבֶּען רֶעגִירְט אִין דַמֶשֶׂק׃

25 אוּנְד עֶר אִיז גֶעװֶעזֶען אַלְס אַ שָׂטָן

צוּ דִיא יִשְׂרָאֵל, אַלֶע לֶעבֶּענְס טָעג פוּן שְׁלֹמֹה, אוּנְד אוֹיךְ דָאס שְׁלֶעכְטֶע פוּן הֲדַד (וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן) אוּנְד עֶר הָאט פֶערְהַאסְט דִיא יִשְׂרָאֵל, אוּנְד הָאט רֶעגִירְט אִין אֲרָם׃

26 אוּנְד יָרָבְעָם בֶּן נְבָט, אַיין אֶפְרָתִי פוּן צְרֵדָה, אַיין קְנֶעכְט פוּן שְׁלֹמֹה,– אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער הָאט גֶעהֵייסֶען צְרוּעָה, אַיינֶע פְרוֹי אַיינֶע אַלְמָנָה,–הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אַ הַאנְד קֶעגֶען דֶעם קֶענִיג׃

27 אוּנְד דָאס אִיז דִיא זַאךְ וָואס עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִיא הַאנְד אַן דֶעם קֶענִיג, אַלְס שְׁלֹמֹה הָאט גֶעבּוֹיט מִלּוֹא, הָאט עֶר פֶערְשְׁלָאסֶען דֶעם אוֹיפְבְּרוּךְ פוּן זַיין פָאטֶער דָוִד'ס שְׁטָאט׃

28 אוּנְד דֶער מַאן יָרָבְעָם אִיז גֶעוֶועזֶען אַיין שְׁטַארְקֶער הֶעלְד, אוּנְד וֶוען שְׁלֹמֹה הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם יוּנְג, דָאס עֶר אַרְבֵּייט פְלֵייסִיג, אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְם גֶעזֶעצְט אִיבֶּער דִיא לַאסְט פוּן דֶעם גַאנְצֶען הוֹיז פוּן יוֹסֵף׃

29 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין יֶענֶער צֵייט, אַלְס יָרָבְעָם אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי הָאט אִיהְם בֶּעגֶעגְנֶט דֶער נָבִיא אֲחִיָּה הַשִּׁילוֹנִי אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען בֶּעדֶעקְט מִיט אַיין נֵייעֶם קְלֵייד; אוּנְד זַייא בֵּיידֶע זֶענֶען אַלֵיין גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד׃

30 אוּנְד אֲחִיָּה הָאט אָנְגֶעכַאפְּט אַן דָאס נֵייעֶ קְלֵייד וָואס וַואר אוֹיף אִיהְם, אוּנְד הָאט עֶס צוּרִיסֶען אוֹיף צְוֶועלְף שְׁטִיקֶער׃

31 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ יָרָבְעָם, נֶעם דִיר צֶעהְן שְׁטִיקֶער, וָוארִין אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, זֶעה, אִיךְ רֵייס אָפּ דִיא רֶעגִירוּנְג פוּן שְׁלֹמֹה'ס הַאנְד, אוּנְד צוּ דִיר וֶועל אִיךְ אַוֶועקְגֶעבֶּען דִיא צֶעהְן שְׁבָטִים׃

32 אוּנְד אַיין שֵׁבֶט וֶועט זַיין פַאר אִיהְם, אוּם מֵיין קְנֶעכְט דָוִד'ס וִוילֶען, אוּנְד אוּם דֶעם וִוילֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, דִיא שְׁטָאט, וָואס אִיךְ הָאבּ זִיא אוֹיסְדֶערְוֶוײלְט פוּן אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל׃

33 ווייל זַייא הָאבֶּען מִיךְ פֶערְלָאזֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ עַשְׁתּוֹרֶת, דִיא גֶעטֶער פוּן צִדוֹנִין, צוּ כְּמוֹשׁ, דִיא גֶעטֶער פוּן מוֹאָב, אוּנְד צוּ מִלְכּוֹם דִיא גֶעטֶער פוּן דִיא בְּנֵי־עַמּוֹן, אוּנְד זַייא זֶענֶען נִיט גֶעגַאנְגֶען אִין מֵיינֶע וֶועגֶען, צוּ טְהוּן דִיא רֶעכְט־פַארְטִיגְקֵייט אִין מֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, אַזוֹי וִויא זַיין פָאטֶער דָוִד׃

34 אוּנְד אִיךְ וֶועל אָבֶּער נִיט אַוֶועקְנֶעמֶען דָאס גַאנְצֶע קֶענִיגְרֵייךְ פוּן זַיינֶע הַאנְד, גֵייעֶרְט אִיךְ וֶועל אִיהְם מַאכֶען צוּ אַיין פִירְשְׁט אַלֶע זַיינֶע לֶעבֶּענְסטָעג, אוּם מֵיין קְנֶעכְט דָוִד'ס וִוילֶען, ווייל אִיךְ הָאבּ אִיהְם אוֹיסְדֶערְוֶוײלְט, ווייל עֶר הָאט גֶעהִיט מֵיינֶע מִצְוֹת, אוּנְד מֵיינֶע גֶעזֶעץ׃

35 אוּנְד אִיךְ וֶועל אַוֶועקְנֶעמֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן זַיין זוּהְן'ס הַאנְד, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיא צֶעהְן שְׁבָטִים צוּ דִיר אַוֶועקְגֶעבֶּען׃

36 אוּנְד צוּ זַיין זוּהְן וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען אַיין שֵׁבֶט, כְּדֵי עֶס זָאל זַיין צוּ מֵיין קְנֶעכְט דָוִד אַיין לִיכְט אַלֶע טָעג פַאר מִיר, אִין יְרוּשָׁלַיִם, דִיא שְׁטָאט, וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיסְדֶערְוֶוײלְט פַאר מִיר, מֵיין נָאמֶען דָארְטֶען אַהִינְצוּטְהוּן׃

37 אוּנְד דִיךְ וֶועל אִיךְ נֶעמֶען, אוּנְד

דוּא װֶעסְט רֶעגִירֶען אִיבֶּער אַלֶעם װָאס
דֵיינֶע זֶעעֶלֶע װֶעט גְלוּסְטֶען; אוּנְד דוּא
װֶעסְט זַיין אַיין קֶענִיג אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל:
38 אוּנְד עֶס װֶעט זַיין, אוֹיבּ דוּא
װֶעסְט הִיטֶען אַלֶעם װָאס אִיךְ װֶעל
דִיר גֶעבִּיטֶען, אוּנְד דוּא װֶעסְט גֵיין
אִין מֵיינֶע װֶעגֶען, אוּנְד דוּא װֶעסְט
טְהוּן דִיא רֶעכְטפַארְטִיגְקֵייט אִין מֵיינֶע
אוֹיגֶען, צוּ הִיטֶען מֵיינֶע גֶעזֶעץ אוּנְד
מֵיינֶע מִצְוֹת, אַזוֹי װִיא מֵיין קְנֶעכְט דָוִד
הָאט גֶעטְהוּן, אַזוֹי װֶעל אִיךְ מִיט דִיר
זַיין, אוּנְד אִיךְ װֶעל דִיר בּוֹיעֶן אַיין
טְרֵיעֶס הוֹיז, אַזוֹי װִיא אִיךְ הָאבּ גֶע־
בּוֹיט צוּ מֵיין קְנֶעכְט דָוִד, אוּנְד אִיךְ
װֶעל דִיר גֶעבֶּען דִיא יִשְׂרָאֵל:
39 אוּנְד דָוִד'ס קִינְדֶער (זָאמֶען) װֶעל
אִיךְ װֶעגֶען דֶעם דֶעמִיטְהִיגֶען, אָבֶּער
נִיט אַלֶע טֶעג:
40 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעװָאלְט טֵייטֶען
יָרָבְעָם, אָבֶּער יָרָבְעָם אִיז אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז אַנְטְלָאפֶען נָאךְ
מִצְרַיִם, צוּ שִׁישַׁק דֶעם קֶענִיג פוּן
מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר אִיז גֶעװֶעזֶען אִין
מִצְרַיִם בִּיז שְׁלֹמֹה'ס טוֹיט:
41 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
שְׁלֹמֹה, אוּנְד אַלֶעם װָאס עֶר הָאט
גֶעטְהוּן, אוּנְד זֵיינֶע קְלוּגְשַׁאפְט, זֶענֶען
זַייא נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף דֶעם סֵפֶר
דִבְרֵי שְׁלֹמֹה?
42 אוּנְד דִיא צֵייט װָאס שְׁלֹמֹה הָאט
רֶעגִירְט אִין יְרוּשָׁלַיִם אִיבֶּער גַאנְץ
יִשְׂרָאֵל, אִיז גֶעװֶעזֶען פִירְצִיג יָאהר:
43 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט
מִיט זֵיינֶע עֶלְטֶערֶען, אוּנְד עֶר אִיז
בֶּעגְרָאבֶּען גֶעװָארֶען אִין דִיא שְׁטָאט
פוּן זַיין פָאטֶער דָוִד, אוּנְד זַיין זוּהְן
רְחַבְעָם הָאט רֶעגִירְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם:

## קאפיטעל יב

1 אוּנְד רְחַבְעָם אִיז גֶעגַאנְגֶען קֵיין
שְׁכֶם, װייל אִין שְׁכֶם אִיז גַאנְץ יִשְׂרָאֵל
גֶעקוּמֶען אִיהְם צוּ מַאכֶען אַלְס
קֶענִיג:
2 אוּנְד װֶען יָרָבְעָם בֶּן נְבָט הָאט
דָאס גֶעהֶערְט,—אוּנְד עֶר אִיז נָאךְ גֶע־
װֶעזֶען אִין מִצְרַיִם, װָאוּ אַהִין עֶר אִיז
עֶנְטְלָאפֶען פַאר שְׁלֹמֹה, אוּנְד עֶר הָאט
זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין מִצְרַיִם:
3 אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעשִׁיקְט, אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם גֶערוּפֶען; אוּנְד יָרָבְעָם
אוּנְד דִיא גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן
יִשְׂרָאֵל, זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען גֶערֶעט צוּ רְחַבְעָם, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען:
4 דֵיין פָאטֶער הָאט אוּנְזֶער יָאךְ שְׁװֶער
גֶעמַאכְט, אָבֶּער דוּא מַאךְ אוּנְס יֶעצְט
גְרִינְגֶער פוּן דֶעם הַארְטֶען דִינְסְט פוּן
דֵיין פָאטֶער, אוּנְד פוּן זַיין שְׁװֶערֶען
יָאךְ, װָאס עֶר הָאט אוֹיף אוּנְס אַרוֹיפְ־
גֶעלֵייגְט, אַזוֹי װֶעלֶען מִיר דִיר דִינֶען:
5 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
גֵייט, בִּיז נָאךְ דְרֵייא טֶעג זָאלְט אִיהְר
אֵייךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ מִיר, אַזוֹי אִיז
דָאס פָאלְק אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען:
6 אוּנְד דֶער קֶענִיג רְחַבְעָם הָאט זִיךְ
בֶּעדַאטְהֶען מִיט דִיא אַלְטֶע (לֵייטֶע),
װָאס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פַאר זַיין פָאטֶער
שְׁלֹמֹה װֶען עֶר הָאט נָאךְ גֶעלֶעבְּט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען,—װָאס רַאטְהֶעט אִיהְר
מִיר צוּ עֶנְטְפֶערֶען דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק
אַיין עֶנְטְפֶער:
7 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶערֶעט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען,—אוֹיבּ דוּא װֶעסְט הֵיינְט
זַיין אַיין קְנֶעכְט צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק,
אוּנְד דוּא װֶעסְט זַייא דִינֶען, אוּנְד

וָועסְט זֵייא עֶנְטְפֶערֶען, אוּנְד וֶועסְט
צוּ זֵייא רֶעדֶען גוּטֶע וֶוערְטֶער, אַזוֹי
וֶועלֶען זֵייא צוּ דִיר זֵיין קְנֶעכְט, אַלֶע
טֶעג׃
8 אוּנְד עֶר הָאט אָבֶּער פֶערְלָאזֶען
דִיא עֵצָה פוּן דִיא אַלְטֶע (לֵייטֶע),
וָואס זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶערַאטְהֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ בֶּערַאטְהֶען מִיט
דִיא יוּנְגֶע (לֵייטֶע), וָואס זֶענֶען מִיט
אִיהְם אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען וָואס זֵייא זֶענֶען
גֶעשְׁטַאנֶען פַאר אִיהְם׃
9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וָואס רַאטְהֶעט אִיהְר מִיר? דָאס מִיר
זָאלֶען עֶנְטְפֶערֶען דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק
וָואס הָאבֶּען צוּ מִיר גֶערֶעט, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, מַאךְ גְרִינְגֶער פוּן דֶעם יָאךְ
וָואס דֵיין פָאטֶער הָאט אוֹיף אוּנְס
גֶעגֶעבֶּען׃
10 אוּנְד דִיא יוּנְגֶע (לֵייטֶע) וָואס
זֶענֶען מִיט אִיהְם אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען,
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶערֶעט אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זָאגֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען
פָאלְק וָואס הָאבֶּען צוּ דִיר גֶערֶעט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען,—דֵיין פָאטֶער הָאט
שְׁוֶוער גֶעמַאכְט אוּנְזֶער יָאךְ, אוּנְד דוּא
מַאךְ עֶס אוּנְס גְרִינְגֶער, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא
צוּ זֵייא רֶעדֶען; מֵיין קְלֶענְסְטֶער
פִינְגֶער אִיז דִיקֶער אַלְס מֵיין פָאטֶער'ס
לֶענְדֶען׃
11 אוּנְד אַצוּנְד,—מֵיין פָאטֶער הָאט
אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט אוֹיף אֵייךְ אֵיין שְׁוֶוערֶעס
יָאךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל נָאךְ פֶערְמֶעהְרֶען
אֵייעֶר יָאךְ; מֵיין פָאטֶער הָאט אֵייךְ
גֶעשְׁטְרָאפְט מִיט בֵּייטְשֶׁען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אֵייךְ שְׁטְרָאפֶען מִיט שְׁקָארְפְּיָאנֶען׃
12 אוּנְד יָרָבְעָם אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד
אוֹיךְ דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אוֹיף דֶעם
דְרִיטֶען טָאג אַזוֹי וִויא דֶער מֶלֶךְ הָאט
גֶערֶעט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, קוּמְט צוּ מִיר
צוּרִיק אַם דְרִיטֶען טָאג׃
13 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט דֶעם פָאלְק
גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט הַארְטֶע וֶוערְטֶער, אוּנְד
עֶר הָאט פֶערְלָאזֶען דִיא עֵצָה פוּן דִיא
אַלְטֶע, וָואס זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אֵיין
עֵצָה גֶעגֶעבֶּען׃
14 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט
נָאךְ דֶער עֵצָה פוּן דִיא יוּנְגֶע, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, מֵיין פָאטֶער הָאט אֵייעֶר יָאךְ
שְׁוֶוער גֶעמַאכְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל נָאךְ
פֶערְמֶעהְרֶען אֵייעֶר יָאךְ, מֵיין פָאטֶער
הָאט אֵייךְ גֶעשְׁטְרָאפְט מִיט בֵּייטְשֶׁען
אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ שְׁטְרָאפֶען מִיט
שְׁקָארְפְּיָאנֶען׃
15 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט נִיט גֶעהֶערְט
צוּ דֶעם פָאלְק, וָוארִין דִיא סִבָּה אִיז
גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם הַאר, כְּדֵי צוּ
בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען זֵיין וָוארְט, וָואס דֶער
הַאר הָאט גֶערֶעט דוּרְךְ אַחִיָּה הַשִּׁילוֹנִי
צוּ יָרָבְעָם בֶּן נְבָט׃
16 אוּנְד אַלְס גַאנְץ יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען אַז דֶער מֶלֶךְ הָאט זֵייא נִיט
גֶעהָארְכְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט
דֶעם מֶלֶךְ אֵיין עֶנְטְפֶער, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
וָואס פַאר אַ חֵלֶק הָאבֶּען מִיר אִין
דָוִד, אָדֶער אַ נַחֲלָה אִין דֶעם זוּהְן פוּן
יִשַׁי? גֵייא צוּ דֵיינֶע גֶעצֶעלְטֶען יִשְׂרָאֵל!
אַצוּנְד זֶעה דֵיין הוֹיז דָוִד, אוּנְד יִשְׂרָאֵל
זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ זֵייעֶרֶע
גֶעצֶעלְטֶען׃
17 אוּנְד אִיבֶּער דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
וָואס וָואוֹינֶען אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן
יְהוּדָה, הָאט רְחַבְעָם רֶעגִירְט׃
18 אוּנְד אַלְס דֶער מֶלֶךְ רְחַבְעָם הָאט
גֶעשִׁיקְט דֶעם אֲדוֹרָם וָואס אִיז אִיבֶּער דִיא

צִינְגֶען, הָאבֶּען אִיהְם גַאנְץ יִשְׂרָאֵל פֶֿערְוָוארְפֶֿען מִיט שְׁטֵיינֶער, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ רְחַבְעָם הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אַרוֹיפְֿצוּגֵיין אוֹיף דֶעם וָואגֶען צוּ אֶנְטְלוֹיפֶֿען פוּן יְרוּשָׁלַיִם׃

19 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט קֶעגֶען דֶעם הוֹיז פוּן דָוִד בִּיז צוּ דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג׃

20 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַלְס גַאנְץ יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען דֶערְהֶערְט אַז יָרָבְעָם הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, הָאבֶּען זֵייא גֶעשִׁיקְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶערוּפֶֿען צוּ דֶער גַאנְצֶען גֶעמֵיינְדֶע אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעמַאכְט קֶענִיגֶען אִיבֶּער גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, קֵיינֶער אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶעם הוֹיז דָוִד חוּץ דֶער שֵׁבֶט יְהוּדָה אַלֵיין׃

21 אוּנְד רְחַבְעָם אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶר הָאט פֶֿערְזַאמֶעלְט דָאס גַאנְצֶע הוֹיז יְהוּדָה אוּנְד דֶעם שֵׁבֶט בִּנְיָמִין, הוּנְדֶערְט אוּנְד אַכְצִיג טוֹיזֶענְט אוֹיסְדֶערְוֶועהלְטֶע קְרִיגְסְלֵייט, צוּ שְׁטְרֵייטֶען מִיט דֶעם הוֹיז יִשְׂרָאֵל, אוּם צוּרִיקְצוּקֶעהְרֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ צוּ רְחַבְעָם דֶעם זוּהְן פוּן שְׁלֹמֹה׃

22 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ שְׁמַעְיָה דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

23 זָאג צוּ רְחַבְעָם דֶעם זוּהְן פוּן שְׁלֹמֹה, דֶעם מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה, אוּנְד צוּ דֶעם גַאנְצֶען הוֹיז פוּן יְהוּדָה אוּנְד בִּנְיָמִין, אוּנְד צוּ דֶעם אִיבְּרִיגֶען פָאלְק אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

24 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, אִיהְר זָאלְט נִיט אַרוֹיפְגֵיין, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט שְׁטְרֵייטֶען מִיט אֵיירֶע בְּרִידֶער, דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, קֶעהְרְט אֵייךְ צוּרִיק יֶעדֶערֶער צוּ זַיין הוֹיז, וָוארִין פוּן מִיר אִיז דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ גֶעשֶׁעהֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּגֶעהֶערְט צוּ דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, צוּ גֵיין וִויא דֶער הַאר הָאט גֶערֶעט׃

25 אוּנְד יָרָבְעָם הָאט גֶעבּוֹיט שְׁכֶם, אוֹיף דֶעם בַּארְג אֶפְרַיִם, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אִין אִיהְר בֶּעזֶעצְט. אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דָארְטֶען, אוּנְד הָאט גֶעבּוֹיט פְּנוּאֵל׃

26 אוּנְד יָרָבְעָם הָאט זִיךְ גֶעטְרַאכְט אִין זַיין הַארְץ, אַצוּנְד וֶועט זִיךְ דָאס קֶענִיגְרֵייךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דָוִד׃

27 וֶוען דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק וֶועט אַרוֹיפְגֵיין מַקְרִיב צוּ זַיין אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר אִין יְרוּשָׁלַיִם, וֶועט זִיךְ דָאס הַארְץ פוּן דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ זֵייעֶר הַאר, צוּ רְחַבְעָם דֶעם מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה, אוּנְד מִיךְ וֶועלֶען זֵייא טֵייטֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ רְחַבְעָם דֶעם מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה׃

28 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט זִיךְ בֶּעראַטְהֶען, אוּנְד הָאט גֶעמַאכְט צְוֵויא גָאלְדֶענֶע קֶעלְבֶּער, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, עֶס אִיז פַאר אֵייךְ צוּ פִיל אַרוֹיפְצוּגֵיין נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, זֶעה, דָאס זֶענֶען דֵיינֶע גֶעטֶער, יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאבֶּען דִיךְ אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פוּן מִצְרַיִם׃

29 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעצְט אֵיין קַאלְבּ אִין בֵּית־אֵל, אוּנְד אֵיינֶם הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אִין דָן׃

30 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אַ זִינְד, וָוארִין דָאס פָאלְק אִיז גֶעגַאנְגֶען פַאר דֶעם אֵיינֶעם בִּיז נָאךְ דָן׃

31 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דָאס הוֹיז

צוּ

צוּ דִיא בָּמוֹת, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט
כֹּהֲנִים פוּן דִיא נִידֶערִיגְסְטֶע פוּן דֶעם
פָאלְק וָואס זַייא זֶענֶען נִיט גֶעוֶוען פוּן
דִיא קִינְדֶער פוּן לֵוִי׃
32 אוּנְד יָרָבְעָם הָאט גֶעמַאכְט אַ
פֵייעֶרְטָאג אִין דֶעם אַכְטֶען חוֹדֶשׁ, אִין
דֶעם פוּנְפְצֶעהְנְטֶען טָאג אִין דֶעם חוֹדֶשׁ,
אַזוֹי וִויא דֶער פֵייעֶרְטָאג וָואס אִיז אִין
יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען
אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיךְ גֶע־
טְהוּן אִין בֵּית־אֵל, צוּ שֶׁעכְטֶען צוּ דִיא
קֶעלְבֶּער וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעשְׁטֶעלְט אִין בֵּית־אֵל דִיא כֹּהֲנִים
פוּן דִיא בָּמוֹת וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט׃
33 אוּנְד עֶר הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען
אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ וָואס עֶר הָאט גֶע־
מַאכְט אִין בֵּית־אֵל, אִין דֶעם פִינְפְ־
צֶעהְנְטֶען טָאג אִין דֶעם אַכְטֶען חוֹדֶשׁ,
אִין דֶעם חוֹדֶשׁ וָואס עֶר הָאט אוֹיסְ־
גֶעטְרַאכְט פוּן זַיין הַארְץ, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעמַאכְט פַאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַ
פֵייעֶרְטָאג, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ מַקְטִיר צוּ זַיין׃

קאפיטעל יג

1 אוּנְד זֶעה, אַ גֶעטְלִיכֶער מַאן אִיז גֶע־
קוּמֶען פוּן יְהוּדָה, נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן
יְהוָה, נָאךְ בֵּית־אֵל, אוּנְד יָרָבְעָם אִיז
גֶעשְׁטַאנֶען בַּייא דֶעם מִזְבֵּחַ מַקְטִיר
צוּ זַיין׃
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען אִיבֶּער
דֶעם מִזְבֵּחַ, דוּרְךְ דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר. אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מִזְבֵּחַ,
מִזְבֵּחַ! אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט,
זֶעה, אַ זוּהְן וֶועט גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען צוּ
דֶעם הוֹיז פוּן דָוִד, זַיין נָאמֶען אִיז
יֹאשִׁיָהוּ, אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיף דִיר
שֶׁעכְטֶען דִיא כֹּהֲנִים פוּן דִיא בָּמוֹת
וָואס זַייא זֶענֶען אוֹיף דִיר מַקְטִיר, אוּנְד
מֶענְשֶׁען־בֵּיינֶער וֶועט מֶען אוֹיף דִיר
פֶערְבְּרֶענֶען׃
3 אוּנְד עֶר וֶועט גֶעבֶּען אִין יֶענֶעם
טָאג אַ וְואוּנְדֶערְצֵייכֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
דָאס אִיז דָאס וְואוּנְדֶערְצֵייכֶען וָואס
דֶער הַאר הָאט גֶערֶעט, זֶעה, דֶער
מִזְבֵּחַ וֶועט צֶערְרִיסֶען וֶוערֶען, אוּנְד
דִיא אַשׁ וָואס אִיז אוֹיף אִיהְם וֶועט
אוֹיסְגֶעשִׁיט וֶוערֶען׃
4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַלְס דֶער
מֶלֶךְ הָאט דֶערְהֶערְט דָאס וָוארְט פוּן
דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן, וָואס עֶר הָאט
גֶערוּפֶען אִיבֶּער דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן בֵּית־
אֵל, אַזוֹי הָאט יָרָבְעָם אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט
זַיינֶע הַאנְד פוּן אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, צוּ
זָאגֶען, גְרֵייפְט אִיהְם אָן! אַזוֹי אִיז
זַיינֶע הַאנְד וָואס עֶר הָאט אוֹיסְגֶע־
שְׁטְרֶעקְט אוֹיף אִיהְם פַארְדַארְט
גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיא נִיט גֶע־
קֶענְט צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען צוּ זִיךְ׃
5 אוּנְד דֶער מִזְבֵּחַ אִיז צֶערְרִיסֶען
גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא אַשׁ אִיז אוֹיסְ־
גֶעשִׁיט גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ,
אַזוֹי וִויא נָאךְ דֶעם צֵייכֶען וָואס דֶער
גֶעטְלִיכֶער מַאן הָאט גֶעגֶעבֶּען, נָאךְ
דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר׃
6 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם גֶעטְלִיכֶען
מַאן, בֶּעט דָאךְ פַאר דֶעם אָנְגֶעזִיכְט
פוּן דֶעם הַאר, דַיין גָאט, דָאס מֵיינֶע
הַאנְד זָאל זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ מִיר,
אוּנְד דֶער גֶעטְלִיכֶער מַאן הָאט גֶע־
בֶּעטֶען פַאר דֶעם אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶעם
הַאר, אוּנְד דִיא הַאנְד פוּן דֶעם מֶלֶךְ
הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זִיא אִיז
גֶעוָוארֶען וִויא פְרִיעֶר׃


אוּנְד

7 אונד דער מלך האט גערעט צו
דעם געטליכען מאן, קום דאך מיט מיר
אהיים, אונד ערקוויק דיך אונד איך
וועל דיר געבען א געשענק:
8 אונד דער געטליכער מאן האט
געזאגט צו דעם מלך, ווען דוא זאלסט
מיר געבען דיא העלפט פון דיין הויז,
וועל איך מיט דיר ניט אהיים קומען,
אונד איך וועל קיין ברויט עסען, אונד
איך וועל קיין וואסער טרינקען אין דעם
דאזיגען ארט:
9 ווארין אזוי איז מיר בעפוילען
געווארען דורך דעם ווארט פון דעם
האר, אזוי צו זאגען, דוא זאלסט קיין
ברויט עסען, אונד זאלסט קיין וואסער
טרינקען, אונד דוא זאלסט דיך ניט
צוריקקעהרען אויף דעם וועג וואס דוא
ביסט געגאנגען:
10 אונד ער איז אוועקגעגאנגען אויף
איין אנדערן וועג, אונד ער האט זיך
ניט צוריקגעקעהרט אויף דעם וועג וואס
ער איז געקומען נאך בית־אל:
11 אונד עס האט געוואוינט איין
אלטער נביא אין בית־אל, זיין זוהן איז
געקומען, אונד האט איהם דערציילט
דיא גאנצע מעשה וואס דער געטליכער
מאן האט היינט געטהון אין בית־אל,
אונד דיא רייד וואס ער האט גערעט
צו דעם מלך, אונד זייא האבען עס
דערציילט צו זייער פאטער:
12 אונד זייער פאטער האט צו זייא
גערעט, אין וועלכען וועג איז ער
אוועקגעגאנגען? אונד זיינע זיהן
האבען איהם געוויזען דעם וועג, וואו
דער געטליכער מאן, וואס איז געקומען
פון יהודה, איז אוועקגעגאנגען:
13 אונד ער האט געזאגט צו זיינע
זיהן, זאטעלט מיר אן דעם אייזעל,
אונד זייא האבען איהם געזאטעלט דעם
אייזעל, אונד ער האט אויף איהם
געריטען:
14 אונד ער איז נאכגעגאנגען דעם
געטליכען מאן, אונד ער האט איהם
געטראפען זיצענדיג אונטער איין
אייכענבוים, אונד ער האט צו איהם
געזאגט, ביסט דוא דער געטליכער
מאן וואס דוא ביסט געקומען פון
יהודה? אונד ער האט געזאגט, איך
בין עס:
15 אונד ער האט צו איהם געזאגט,
קום מיט מיר אין מיין הויז, אונד דוא
וועסט עסען ברויט:
16 אונד ער האט צו איהם געזאגט,
איך קען ניט מיט דיר צוריקקעהרען,
אונד מיט דיר קומען, אונד איך וועל
קיין ברויט עסען, אונד איך וועל מיט
דיר קיין וואסער טרינקען אין דעם
דאזיגען ארט:
17 ווארין עס איז צו מיר אנגעזאגט
געווארען דורך דעם ווארט פון דעם
האר, דוא זאלסט קיין ברויט עסען,
אונד זאלסט דארטען קיין וואסער
טרינקען, אונד זאלסט דיך ניט צוריק־
קעהרען אויף דעם וועג וואס דוא ביסט
אויף איהם געגאנגען:
18 אונד ער האט אבער געזאגט צו
איהם, איך בין אויך א נביא וויא דוא,
אונד א מלאך האט צו מיר גערעט
דורך דעם ווארט פון דעם האר, אזוי
צו זאגען, קעהר איהם צוריק מיט
דיר צו דיין הויז, דאס ער זאל ברויט
עסען, אונד וואסער טרינקען, אבער
ער האט צו איהם געלייקענט:
19 אונד ער האט מיט איהם צוריק־

גֶעקֶעהְרְט, אוּנְד עֶר הָאט אִין זַיין הויז
בְּרוֹיט גֶעגֶעסֶען, אוּנְד וַואסֶער גֶע־
טְרוּנְקֶען:
20 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, ווייל זַייא
זֶענֶען נָאךְ גֶעזֶעסֶען בַּייא דֶעם טִישׁ,
אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר גֶע־
וֶועזֶען צוּ דֶעם נָבִיא וָואס הָאט אִיהְם
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט:
21 אוּנְד הָאט גֶערוּפֶען צוּ דֶעם
גֶעטְלִיכֶען מַאן וָואס אִיז גֶעקוּמֶען פוּן
יְהוּדָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי הָאט דֶער
הַאר גֶעזָאגְט, ווייל דוּא הָאסְט ווִידֶערְ־
גֶעשְׁפֶּענִיגְט קֶעגֶען דֶעם מוֹיל פוּן יְהוָֹה,
אוּנְד הָאסְט נִיט גֶעהִיט דָאס גֶעבָּאט
וָואס דֶער הַאר דַיין גָאט הָאט דִיר
בֶּעפוֹילֶען:
22 אוּנְד דוּא הָאסְט דִיךְ צוּרִיקְ־
גֶעקֶעהְרְט, אוּנְד הָאסְט גֶעגֶעסֶען
בְּרוֹיט, אוּנְד הָאסְט גֶעטְרוּנְקֶען וַואסֶער,
אִין דֶעם אָרט וָואס עֶר הָאט צוּ דִיר
גֶעזָאגְט, דָאס דוּא זָאלְסְט נִיט עֶסֶען
בְּרוֹיט, אוּנְד זָאלְסְט נִיט טְרִינְקֶען
וַואסֶער, אַזוֹי וֶועט דַיין טוֹיטֶער קֶערְ־
פֶּער נִיט קוּמֶען צוּ דֶעם קֶבֶר פוּן
דַיינֶע עֶלְטֶערְן:
23 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶעם
ווִיא עֶר הָאט גֶעגֶעסֶען בְּרוֹיט, אוּנְד
הָאט גֶעטְרוּנְקֶען, הָאט עֶר אִיהְם
אָנְגֶעזָאטֶעלְט דֶעם אֵייזֶעל, פַאר דֶעם
נָבִיא וָואס עֶר הָאט אִיהְם צוּרִיקְ־
גֶעקֶעהְרְט:
24 אוּנְד אַלְס עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען,
הָאט אִיהְם אַ לֵייבּ אִין דֶעם וֶועג אָנְגֶע־
טְרָאפֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעטֵייט,
אוּנְד זַיין טוֹיטֶער קֶערְפֶּער אִיז גֶע־
וֶועזֶען גֶעוָוארְפֶען אִין דֶעם וֶועג, אוּנְד דֶער
אֵייזֶעל אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בַּייא אִיהְם.
אוּנְד דֶער לֵייבּ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בַּייא
דֶעם טוֹיטֶען קֶערְפֶּער:
25 אוּנְד זֶעה, אַלְס מֶענְשֶׁען זֶענֶען פָארְ־
בַּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
דָאס דֶער טוֹיטֶער קֶערְפֶּער אִיז גֶעוָוארְ־
פֶען אִין דֶעם וֶועג, אוּנְד דֶער לֵייבּ אִיז
גֶעשְׁטַאנֶען בַּייא דֶעם טוֹיטֶען קֶערְפֶּער,
זֶענֶען זַייא גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען עֶס
דֶערְצֵיילְט אִין דֶער שְׁטָאט, ווְאוּ דֶער
אַלְטֶער נָבִיא הָאט אִין אִיהְר גֶעווְאוֹינְט:
26 אוּנְד אַלְס דֶער אַלְטֶער נָבִיא וָואס
הָאט אִיהְם צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט פוּן דֶעם וֶועג,
הָאט עֶס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
דָאס אִיז דֶער גֶעטְלִיכֶער מַאן וָואס
הָאט ווִידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט קֶעגֶען דֶעם
מוֹיל פוּן יְהוָֹה, דַארוּם הָאט אִיהְם דֶער
הַאר צוּ דֶעם לֵייבּ גֶעגֶעבֶּען, וֶועלְכֶער
הָאט אִיהְם צוּרִיסֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם
גֶעטֵייט, אַזוֹי ווִיא דָאס וָוארְט פוּן
דֶעם הַאר, וָואס עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶערֶעט:
27 אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ זַיינֶע
זִיהְן, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זָאטֶעלְט מִיר
דֶעם אֵייזֶעל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם
אָנְגֶעזָאטֶעלְט:
28 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט
גֶעזֶעהֶען זַיין טוֹיטֶען קֶערְפֶּער גֶע־
וָוארְפֶען אִין דֶעם וֶועג, אוּנְד דֶער אֵייזֶעל
אוּנְד דֶער לֵייבּ זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען בַּייא
דֶעם טוֹיטֶען קֶערְפֶּער; דֶער לֵייבּ
הָאט דֶעם טוֹיטֶען קֶערְפֶּער נִיט גֶע־
גֶעסֶען, אוּנְד הָאט דֶעם אֵייזֶעל אוֹיךְ
נִיט צֶערְבְּרָאכֶען:
29 אוּנְד דֶער נָבִיא הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
דֶעם טוֹיטֶען קֶערְפֶּער פוּן דֶעם
גֶעטְלִיכֶען מַאן, אוּנְד הָאט אִיהְם
גֶעלֵייגְט אוֹיף דֶעם אֵייזֶעל, אוּנְד הָאט

אִיהְם צוּרִיקְגֶעפִֿיהְרְט, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעקוּמֶען אִין דִיא שְׁטָאט פוּן דֶעם
אַלְטֶען נָבִיא, אִיהְם צוּ בֶּעקְלָאגֶען
אוּנְד צוּ בֶּעגְרָאבֶּען׃
30 אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֵייגְט זֵיין
טוֹיטֶען קֶערְפֶּער אִין זֵיין קֶבֶר, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אִיבֶּער אִיהְם גֶעקְלָאגְט,
אוֹי וֵוייא, מֵיין בְּרוּדֶער!
31 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, נָאךְ דֶעם
וַויא עֶר הָאט אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען, הָאט עֶר
גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע זִיהְן, וֶוען אִיךְ וֶועל
שְׁטַארְבֶּען, זָאלְט אִיהְר מִיךְ בֶּעגְרָאבֶּען
אִין דֶעם קֶבֶר, וְואוּ דֶער גֶעטְלִיכֶער
מַאן אִיז בֶּעגְרָאבֶּען, בֵּייא זֵיינֶע
בֵּיינֶער זָאלְט אִיהְר מֵיינֶע בֵּיינֶער לֵייגֶען׃
32 וָוארִין דִיא זַאךְ וֶועט גֶעשֶׁעהֶען
וָואס עֶר הָאט גֶערוּפֶען אוֹיף דֶעם
מִזְבֵּחַ, דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר,
וָואס אִיז אִין בֵּית־אֵל, אוּנְד אוֹיף אַלֶע
הֵייזֶער פוּן דִיא בָּמוֹת וָואס זֶענֶען אִין
דִיא שְׁטֶעט פוּן שֹׁמְרוֹן׃
38 אָבֶּער נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ,
הַאט זִיךְ יָרָבְעָם נִיט וִוידֶערְגֶעקֶעהְרְט
פוּן זֵיין שְׁלֶעכְטֶען וֶועג, נֵייעֶרְט עֶר
הָאט זִיךְ וִוידֶערְגֶעקֶעהְרְט אוּנְד עֶר
הָאט גֶעמַאכְט פוּן דִיא עֶרְגְסְטֶע פוּן דֶעם
פָאלְק כֹּהֲנִים צוּ דִיא בָּמוֹת, וֶוער עֶס
הַאט גֶעוָואלְט דֶער הָאט עֶרְפִילְט זֵיינֶע
הַאנְד, אוּנְד אִיז גֶעוָוארֶען פוּן דִיא
כֹּהֲנִים צוּ דִיא בָּמוֹת׃
34 אוּנְד עֶס אִיז דוּרְךְ דֶעם דָאזִיגֶען
גֶעוֶועזֶען דִיא שְׁטְרָאף צוּ דֶעם הוֹיז
פוּן יָרָבְעָם, אוּם צוּ פֶערְנִיכְטֶען אוּנְד
צוּ פֶערְטִילְגֶען פוּן דֶעם אָנְגֶעזִיכְט פוּן
דֶער עֶרְד׃

קאפיטעל יד

1 אִין יֶענֶער צֵייט אִיז אֲבִיָּה דֶער
זוּהְן פוּן יָרָבְעָם קְרַאנְק גֶעוָוארֶען׃
2 אוּנְד יָרָבְעָם הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיין
וַוייבּ, שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד פֶערְשְׁטֶעל
דִיךְ, דָאס מֶען זָאל נִיט וַויסֶען אַז דוּא
בִּיסְט יָרָבְעָם'ס וַוייבּ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
גֵיין נָאךְ שִׁלוֹה, אוּנְד זֶעה, דָארְטֶען אִיז
דֶער נָבִיא אֲחִיָּה וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט
צוּ מִיר דָאס אִיךְ זָאל זֵיין אַ מֶלֶךְ
אִיבֶּער דִיזֶעם פָאלְק׃
3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִין דֵיינֶע הַאנְד
נֶעמֶען צֶעהְן בְּרוֹיט, אוּנְד קִיכְלֶעךְ,
אוּנְד אַ קְרוּג הָאנִיג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
קוּמֶען צוּ אִיהְם, עֶר וֶועט דִיר זָאגֶען
וָואס עֶס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען מִיט דֶעם
יוּנְג׃
4 אוּנְד יָרָבְעָם'ס וַוייבּ הָאט אַזוֹי
גֶעטְהוּן, זִיא אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ שִׁלוֹה, אוּנְד אִיז
גֶעקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן אֲחִיָּה. אוּנְד
אֲחִיָּה הָאט נִיט מֶעהְר גֶעקָאנְט זֶעהְן,
וָוארִין זֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען
שְׁטֵיין פוּן וֶועגֶען זֵיינֶע עֶלְטֶער׃
5 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אֲחִיָּה, זֶעה דָאס וַוייבּ פוּן יָרָבְעָם
קוּמְט פְרֶעגֶען פוּן דִיר אַ זַאךְ, וֶועגֶען
אִיהְר זוּהְן וַוייל עֶר אִיז קְרַאנְק, אַזוֹי
אוּנְד אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ אִיהְר רֶעדֶען.
אוּנְד אַלְס זִיא אִיז גֶעקוּמֶען, הָאט זִיא
זִיךְ פְרֶעמְד גֶעמַאכְט׃
6 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס אֲחִיָּה
הָאט דֶערְהֶערְט דָאס קוֹל פוּן אִיהְרֶע
פִּיס קוּמֶען אַן דִיא טְהִיר, הָאט עֶר גֶע־
זָאגְט, קוּם אַרַיין יָרָבְעָם'ס וַוייבּ, פַאר
וָואס מַאכְסְט דוּא דִיךְ פְרֶעמְד? אִיךְ
בִּין אָבֶּער צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט מִיט
הַארְטֶע רֵייד׃
7 גֵייא זָאג צוּ יָרָבְעָם, אַזוֹי הָאט דֶער

הַאר גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל געזָאגט, ווייל
אִיךְ הָאבּ דִיךְ דערהויבּען פוּן דעם
פָאלְק, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ געגעבּען
אַלְס אַיין פִירְשְׁט אִיבּער מַיין פָאלְק
יִשְׂרָאֵל׃
8 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אָפּגעריסען דָאס
קעניגרַייךְ פוּן דעם הויז פוּן דָוִד, אוּנְד
הָאבּ עס צוּ דִיר געגעבּען, אוּנְד דוּא
בִּיסְט אָבּער נִיט געוועזען ווִיא מַיין
קְנעכְט דָוִד, ווָאס הָאט געהִיט
מַיינע מִצְוֹת, אוּנְד ווָאס ער אִיז מִיר
נָאכְגעגַאנגען מִיט זַיין גַאנְצען הַארְץ, צוּ
טְהוּן נוּר דִיא רעכְטְפֶארְטִיגְקייט אִין
מַיינע אויגען׃
9 אוּנְד דוּא הָאסְט ערגער געטְהוּן
פוּן אַלע ווָאס זֶענען געוועזען פַאר
דִיר, אוּנְד דוּא בִּיסְט געגַאנגען, אוּנְד
דוּא הָאסְט דִיר געמַאכְט פְרעמְדע
געטער, אוּנְד געגָאסענע בִּילְדער אוּם
מִיךְ צוּ דערְצערְנען, אוּנְד מִיךְ הָאסְט
דוּא געווָארְפען אוּנְטער דַיין רִיקען׃
10 דַארוּם זֶעה, אִיךְ בְּרענְג שְׁלעכְטעס
צוּ דעם הויז פוּן יָרָבְעָם, אוּנְד אִיךְ
וועל פערְשְׁנַיידען צוּ יָרָבְעָם אוֹיךְ דעם
ווָאס פִּיסְט אַן דִיא וַואנְד, אַ פערְ־
שְׁלָאסענעם, אוּנְד אַ פערְלָאזענעם
אוּנְטער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיךְ וועל אויסְ־
קעהְרען דָאס הויז פוּן יָרָבְעָם, ווִיא
מען קעהְרט אוֹיס מִיסְט, בִּיז עס וועט
מִיט אִיהם זַיין אַן ענְד׃
11 דער ווָאס וועט שְׁטַארְבּען אִין
דער שְׁטָאט פוּן יָרָבְעָם, אִיהם וועלען
דִיא הִינְד אויפֶעסען, אוּנְד דער ווָאס
וועט שְׁטַארְבּען אִין דעם פֶעלְד,
אִיהם וועלען דִיא פֵייגעל פוּן הִימעל
אויפֶעסען, ווָארִין דער הַאר הָאט עס
גערעדט׃
12 אוּנְד דוּא, מַאךְ דִיךְ אויף אוּנְד
גֵייא אַהֵיים צוּ דַיין הויז. ווען דַיינע פִיס
וועלען אָנְקוּמען אִין דִיא שְׁטָאט וועט
דָאס קִינְד שְׁטַארְבּען׃
13 אוּנְד דִיא קִינְדער יִשְׂרָאֵל וועלען
אִיהם בּעקְלָאגען, אוּנְד זַייא וועלען
אִיהם בּעגְרָאבּען, ווָארִין דער דָאזִיגער
אַליין פוּן יָרָבְעָם וועט קוּמען צוּ אַ קֶבֶר
ווָארִין בַּייא אִיהם אִיז עטְווָאס גוּטעס
געפוּנען געווָארען פַאר דעם הַאר,
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אִין דעם הויז פוּן
יָרָבְעָם׃
14 אוּנְד דער הַאר וועט אויפְשְׁטעלען
אַיין קעניג אִיבּער יִשְׂרָאֵל, ווָאס וועט
פערשְׁנַיידען דעם יָרָבְעָם דעם דָאזִיגען
טָאג, אוּנְד ווָאס נָאךְ מֶעהְר?
15 אוּנְד דער הַאר וועט שְׁלָאגען
דִיא יִשְׂרָאֵל, גְלַייךְ ווִיא דָאס רָאהְר
שָׁאקעלְט זִיךְ אִין דעם וַואסער, אוּנְד ער
וועט דִיא יִשְׂרָאֵל אויסְרַייסען פוּן דעם
דָאזִיגען גוּטען לַאנְד, ווָאס ער הָאט
געגעבּען צוּ זַיירע עלְטערען, אוּנְד ער
וועט זַייא צוּשְׁפְּרַייטען אִיבּער יענער
זַייט טַייךְ, ווייל זַייא הָאבּען געמַאכְט
דִיא לִינְדען־בּוֹימער ווָאס דערְצָארְענען
דעם הַאר׃
16 אוּנְד ער וועט דִיא יִשְׂרָאֵל אִיבּער־
געבּען, וועגען דִיא זִינְד פוּן יָרָבְעָם,
ווָאס ער הָאט געזִינְדִיגְט, אוּנְד ווָאס
ער הָאט דִיא יִשְׂרָאֵל געמַאכְט זִינְדִיגען׃
17 אַזוֹי אִיז יָרָבְעָם'ס ווייבּ אויפְ־
געשְׁטַאנען, אוּנְד זִיא אִיז אַוועקְגעגַאנְגען
אוּנְד אִיז געקוּמען קַיין תִּרְצָה; ווען
זִיא אִיז געקוּמען אוֹיף דער שְׁוועל
פוּן הויז אִיז דער יוּנְג געשְׁטָארְבּען׃
18 אוּנְד זַייא הָאבּען אִיהם בּעגְרָאבּען,
אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל הָאבּען אִיהם בּע־

קְלַאגְט, אַזוֹי וִויא דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר, וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט דוּרְךְ זַיין
קְנֶעכְט אֲחִיָה הַנָבִיא׃
19 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען
פוּן יָרָבְעָם, וָואס עֶר הָאט מִלְחָמָה
גֶעהַאלְטֶען אוּנְד וִויא עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט,
זֶעה זַייא זֶענֶען גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם
בּוּךְ פוּן דִיא טֶעג־גֶעשִׁיכְטֶע. פוּן דִיא
קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל׃
20 אוּנְד דִיא צֵייט וָואס יָרָבְעָם הָאט
רֶעגִיעֶרְט, אִיז גֶעוֶועזֶען צְוַויא אוּנְד
צְוַואנְצִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶע־
לֵייגְט מִיט זַיינֶע עֶלְטֶערֶען, אוּנְד נָדָב
זַיין זוּהְן הָאט אַנְשְׁטָאט אִיהְם רֶעגִירְט׃
21 אוּנְד רְחַבְעָם, זוּהְן פוּן שְׁלֹמֹה הָאט
רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער יְהוּדָה; אֵיין אוּנְד
פֶערְצִיג יָאהְר אִיז עֶר אַלְט גֶעוֶועזֶען
אַלְס עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט, אוּנְד עֶר הָאט
רֶעגִיעֶרְט אִין יְרוּשָׁלַיִם זִיבֶּעצֶעהְן יָאהְר,
אִין דִיא שְׁטָאט וָואס דֶער הַאר הָאט
אוֹיסְדֶערְוֶוייהלְט צוּ טְהוּן דָארְטֶען זַיין
נָאמֶען, פוּן אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל.
אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זַיינֶע מוּטֶער אִיז
גֶעוֶועזֶען נַעֲמָה, אוּים עַמוֹן׃
22 אוּנְד יְהוּדָה הָאט גֶעטְהוּן דָאס
וָואס עֶס אִיז שְׁלֶעכְט אִין דִיא אוֹיגֶען
פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם
דֶערְצָארֶענְט, מֶעהְר פוּן אַלֶעם וָואס
זַיירֶע עֶלְטֶערֶען הָאבֶּען גֶעטְהוּן, מִיט
זַיירֶע זִינְד וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט׃
23 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעבּוֹיט
בָּמוֹת אוּנְד מַצֵבוֹת, אוּנְד לִינְדֶענְ־
בֵּיימֶער, אוֹיף יֶעדֶען הוֹיכֶען הִיגֶעל,
אוּנְד אוּנְטֶער אַלֶע גְרִינֶע בֵּיימֶער׃
24 אוּנְד אוֹיךְ הוּרֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אִין דֶעם לַאנְד, זַייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן
אַלֶע דִיא אוּמְוֶוירְדִיגְקֵייט פוּן דִיא
פֶעלְקֶער, וָואס דֶער הַאר הָאט פֶער־
טְרִיבֶּען פַאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃
25 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
פִינְפְטֶען יָאהְר פוּן דֶעם קֶענִיג רְחַבְעָם,
אַזוֹי אִיז שִׁישַׁק דֶער קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם׃
26 אוּנְד עֶר הָאט צוּגֶענוּמֶען דִיא
אוֹצְרוֹת פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר,
אוּנְד דִיא אוֹצְרוֹת פוּן דֶעם קֶענִיג׳ס
הוֹיז, אוּנְד אַלֶעם הָאט עֶר צוּגֶענוּמֶען,
אוּנְד הָאט אוֹיךְ צוּגֶענוּמֶען דִיא גָאלְ־
דֶענֶע פַאנְצֶער־שִׁילְדֶען וָואס שְׁלֹמֹה
הָאט גֶעמַאכְט׃
27 אוּנְד דֶער קֶענִיג רְחַבְעָם הָאט
אַנְשְׁטָאט זַייא גֶעמַאכְט קוּפֶּערְנֶע
פַאנְצֶערְס, אוּנְד עֶר הָאט זַייא אִיבֶּערְ־
גֶעגֶעבֶּען אוּנְטֶער דִיא הַאנְד פוּן דִיא
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא לוֹיפֶער, וָואס
הִיטֶען דִיא טְהִיר פוּן דֶעם קֶענִיג׳ס הוֹיז׃
28 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען דֶער
קֶענִיג אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז
פוּן דֶעם הַאר, הָאבֶּען דִיא לוֹיפֶער
זַייא גֶעטְרָאגֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא
צוּרִיקְגֶעטְרָאגֶען אִין דֶער קַאמֶער פוּן
דִיא לוֹיפֶער׃
29 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
רְחַבְעָם, אוּנְד אַלֶעם וָואס עֶר הָאט
גֶעטְהוּן, זֶענֶען זַייא נִיט אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען
אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דֶער טֶעגְלִיכֶע גֶע־
שִׁיכְטֶע פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה?
30 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵייגֶע מִלְחָמָה
צְוִוישֶׁען רְחַבְעָם, אוּנְד צְוִוישֶׁען יָרָבְעָם
אַלֶע צֵייטֶען׃
31 אוּנְד רְחַבְעָם הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט
מִיט זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד עֶר אִיז
בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען בֵּייא זַיינֶע עֶלְ־
טֶערְן, אִין דֶער שְׁטָאט פוּן דָוִד, אוּנְד

דֶער נָאמֶען פוּן זֵיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען נַעֲמָה, אוּיס עַמוֹן, אוּנְד אֲבִיָם זֵיין זוּהְן הָאט רֶעגִיעֶרְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם:

קאפּיטעל טו

1 אוּנְד אִין דֶעם אַכְטְצֶעהְנְטֶען יָאהְר פוּן דֶעם קֶענִיג יָרָבְעָם בֶּן נְבָט, הָאט אֲבִיָם רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער יְהוּדָה:

2 דְרֵייא יָאהְר הָאט עֶר רֶעגִיעֶרְט אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זֵיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען מַעֲכָה, דִיא טָאכְטֶער פוּן אֲבִישָׁלוֹם:

3 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען אִין אַלֶע זִינְד פוּן זֵיין פָאטֶער, וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן פַאר אִיהְם, אוּנְד זֵיין הַארְץ אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען גַאנְץ מִיט דֶעם הַאר זֵיין גָאט, אַזוֹי וִויא דָאס הַארְץ פוּן זֵיין פָאטֶער דָוִד:

4 נֵייעֶרְט אוּם דָוִד'ס ווִילֶען הָאט דֶער הַאר, זֵיין גָאט, אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אַ לִיכְט אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען זֵיין זוּהְן נָאךְ אִיהְם, אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען:

5 ווֵייל דָוִד הָאט גֶעטְהוּן דִיא רֶעכְט־פֶערְטִיגְקֵייט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר אוּנְד עֶר הָאט נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן אַלֶעם וָואס עֶר הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען אַלֶע זֵיינֶע לֶעבֶּענְסְטֶעג; נוּר וֶועגֶען דֶער זַאךְ פוּן אוּרִיָה הַחִתִּי:

6 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע מִלְחָמָה צְווִישֶׁען רְחַבְעָם אוּנְד צְווִישֶׁען יָרָבְעָם, אַלֶע זֵיינֶע לֶעבֶּענְסְטֶעג:

7 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן אֲבִיָם, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, זֶענֶען זֵייא נִיט אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען דֶעם בּוּךְ פוּן דִיא טֶעג־גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה? אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע מִלְחָמָה צְווִישֶׁען אֲבִיָם אוּנְד צְווִישֶׁען יָרָבְעָם:

8 אוּנְד אֲבִיָם הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט זֵיינֶע עֶלְטֶערֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין דָוִד'ס שְׁטָאט, אוּנְד אָסָא זֵיין זוּהְן הָאט רֶעגִירְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם:

9 אוּנְד אִין דֶעם צְוַואנְצִיגְסְטֶען יָאהְר פוּן יָרָבְעָם דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, הָאט אָסָא רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער יְהוּדָה:

10 אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִירְט אֵיין אוּנְד פֶערְצִיג יָאהְר אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זֵיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען, מַעֲכָה בַּת אֲבִישָׁלוֹם:

11 אוּנְד אָסָא הָאט גֶעטְהוּן דִיא רֶעכְטפַארְטִיגְקֵייט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי וִויא זֵיין פָאטֶער דָוִד:

12 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶערוֹימְט דִיא הוּרֶער פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט אָפְּגֶעטְהוּן אַלֶע גֶעצֶענְבִּילְדֶער וָואס זֵיינֶע עֶלְטֶערֶען הָאבֶּען גֶעמַאכְט:

13 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ זֵיינֶע מוּטֶער מַעֲכָה אָפְּגֶעטְהוּן פוּן צוּ זֵיין אֵיינֶע הֶערְשֶׁערִין, ווֵייל זִיא הָאט גֶעמַאכְט אֵיין גֶעצֶען־בִּילְד צוּ דֶעם לִינְדֶענְבּוֹים, אוּנְד אָסָא הָאט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען אִיהְר גֶעצֶען־בִּילְד, אוּנְד הָאט עֶס פֶערבְּרֶענְט אִין דֶעם טֵייךְ קִדְרוֹן:

14 אָבֶּער דִיא בָּמוֹת זֶענֶען נִיט אָפְּגֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען, נָאר דָאס הַארְץ פוּן אָסָא אִיז גֶעוֶועזֶען גַאנְץ מִיט דֶעם הַאר אַלֶע זֵיינֶע טֶעג:

15 אוּנְד דָאס זִילְבֶּער, אוּנְד דָאס גָאלְד אוּנְד דִיא כֵּלִים, וָואס זֵיין פָאטֶער הָאט גֶעהֵיילִיגְט, אוּנְד וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גֶעהֵיילִיגְט צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, הָאט עֶר אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט:

16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע מִלְחָמָה

צְווִישֶׁען אָסָא, אוּנְד צְווִישֶׁען בַּעְשָׁא
דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, אַלֶע זַיירֶע
טֶעג ׃
17 אוּנְד בַּעְשָׁא דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל
אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען יְהוּדָה,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹיט רָמָה, אוּם נִיט
צוּ לָאזֶען אַרַיינְגֵיין אוּנְד אַרוֹיסְגֵיין
צוּ אָסָא דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה ׃
18 אוּנְד אָסָא הָאט גֶענוּמֶען דָאס
גַאנְצֶע זִילְבֶּער אוּנְד דָאס גָאלְד וָואס
אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אִין דִיא אוֹצְרוֹת
פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד דִיא אוֹצְרוֹת פוּן
דֶעם הויז פוּן דֶעם מֶלֶךְ אוּנְד עֶר הָאט
זֵייא גֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן זַיינֶע
קְנֶעכְט, אוּנְד דֶער קֶענִיג אָסָא הָאט
זֵייא גֶעשִׁיקְט צוּ בֶּן־הֲדַד, בֶּן־טַבְרִמּוֹן
בֶּן־חֶזְיוֹן קֶענִיג פוּן אֲרָם, וָואס הָאט
גֶעווָאוינְט אִין דַמֶשֶׂק, אַזוֹי צוּ זָאגֶען ׃
19 עֶס אִיז אֵיין בְּרִית צְווִישֶׁען מִיר
אוּנְד צְווִישֶׁען דִיר, צְווִישֶׁען מֵיין פָאטֶער
אוּנְד צְווִישֶׁען דֵיין פָאטֶער, דַארוּם
שִׁיק אִיךְ דִיר אֵיין גֶעשַׁאנְק, זִילְבֶּער
אוּנְד גָאלְד, דָאס דוּא זָאלְסְט גֵיין
אוּנְד צֶערשְׁטֶערֶען דֵיין בְּרִית מִיט
בַּעְשָׁא דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, דָאס
עֶר זָאל אַוֶועקְגֵיין פוּן מִיר ׃
20 אוּנְד בֶּן־הֲדַד הָאט צוּגֶעהֶערְט צוּ
דֶעם קֶענִיג אָסָא, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
שִׁיקְט דִיא הויפְּט־לֵייטֶע פוּן דֶעם חַיִל
וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט, אוֹיף דִיא
שְׁטֶעט פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעשְׁלָאגֶען עִיּוֹן, אוּנְד דָן אוּנְד אָבֵל
בֵּית־מַעֲכָה, אוּנְד גַאנְץ כִּנְרוֹת, מִיט
דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד נַפְתָּלִי ׃
21 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס בַּעְשָׁא
הָאט עֶס דֶערְהֶערְט, הָאט עֶר אוֹיפְ־
גֶעהֶערְט צוּ בּוֹיעֶן רָמָה, אוּנְד עֶר הָאט

זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין תִּרְצָה ׃
22 אוּנְד דֶער קֶענִיג אָסָא הָאט גֶע־
לָאזְט אוֹיסְרוּפֶען אִין גַאנְץ יְהוּדָה,
דָאס קֵיינֶער אִיז נִיט פְרֵייא, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דִיא שְׁטֵיינֶער פוּן
רָמָה, אוּנְד דָאס הָאלְץ וָואס בַּעְשָׁא
הָאט גֶעבּוֹיט; אוּנְד דֶער קֶענִיג אָסָא
הָאט פוּן זֵייא גֶעבּוֹיט, גֶבַע בִּנְיָמִן
אוּנְד מִצְפָּה ׃
23 אוּנְד אַלֶע אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
אָסָא, אוּנְד פוּן זַיינֶע גַאנְצֶע מַאכְט,
אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן,
אוּנְד דִיא שְׁטֶעט וָואס עֶר הָאט
גֶעבּוֹיט, זֶענֶען זֵייא נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין
דֶעם בּוּךְ, פוּן דִיא טֶעג־גֶעשִׁיכְטֶע פוּן
דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה? נָאר צוּ דִיא
צַייט פוּן זַיין עֶלְטֶער אִיז עֶר קְרַאנְק
גֶעוָוארֶען אוֹיף זַיינֶע פִּיס ׃
24 אוּנְד אָסָא הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט
זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד עֶר אִיז בֶּעגְרָאבֶּען
גֶעוָוארֶען בֵּייא זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אִין דֶער
שְׁטָאט פוּן זַיין פָאטֶער דָוִד, אוּנְד זַיין
זוּהְן יְהוֹשָׁפָט הָאט רֶעגִירְט אַנְשְׁטָאט
אִיהְם ׃
25 אוּנְד נָדָב דֶער זוּהְן פוּן יָרָבְעָם
הָאט רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אִין דֶעם
צְווֵייטֶען יָאהְר פוּן אָסָא דֶעם קֶענִיג
פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט
אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל צְווֵייא יָאהְר ׃
26 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן וָואס עֶס
אִיז שְׁלֶעכְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם
הַאר אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם
וֶועג פוּן זַיין פָאטֶער, אוּנְד אִין זַיינֶע
זִינְד, וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט זִינְדִיגֶען
דִיא יִשְׂרָאֵל ׃
27 אָבֶּער בַּעְשָׁא בֶּן אֲחִיָּה פוּן דֶעם
הויזְגֶעזִינְד פוּן יִשָּׂשכָר, הָאט אוֹיף

אִיהְם גֶעמַאכְט אֵיין בּוּנְד, אוּנְד בַּעְשָׁא
הָאט אִיהְם דֶערשְׁלָאגֶען אִין גִּבְּתוֹן וָואס
גֶעהֶערְט צוּ דִיא פְּלִשְׁתִּים ; וָוייל נָדָב
אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ בֶּעלַאגֶערְט
אוֹיף גִּבְּתוֹן :
28 אוּנְד בַּעְשָׁא הָאט אִיהְם גֶעטֵייט,
אִין דֶעם דְרִיטֶען יָאהְר פוּן אָסָא דֶעם
קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם :
29 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס עֶר
הָאט רֶעגִירְט, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשְׁלָאגֶען דָאס גַאנְצֶע הויזְגֶעזִינְד פוּן יָרָבְעָם,
עֶר הָאט קֵיין נְשָׁמָה נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען צוּ יָרָבְעָם, בִּיז עֶר הָאט
אִיהְם פֶערְטִילִיגְט, אַזוֹי וִויא דָאס
וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, וָואס עֶר הָאט
גֶערֶעט דוּרְךְ זַיין קְנֶעכְט אֲחִיָּה
הַשִּׁילוֹנִי :
30 וֶועגֶען דִיא זִינְד פוּן יָרָבְעָם, וָואס
עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד וָואס עֶר
הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעמַאכְט זִינְדִיגֶען, מִיט זַיין
דֶערְצָארֶענֶען, וָואס עֶר הָאט דֶערְצָארֶענְט דֶעם הַאר, דֶעם גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל :
31 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן נָדָב
אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן,
זֶענֶען זֵייא נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם
בּוּךְ פוּן דִיא טֶעג־גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דִיא
קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל ?
32 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין מִלְחָמָה
צְוִוישֶׁען אָסָא אוּנְד צְוִוישֶׁען בַּעְשָׁא,
קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל אַלֶע זֵיירֶע טֶעג :
33 אִין דֶעם דְרִיטֶען יָאהְר, פוּן אָסָא
קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, הָאט בַּעְשָׁא דֶער
זוּהְן פוּן אֲחִיָּה רֶעגִירְט אִיבֶּער גַאנְץ
יִשְׂרָאֵל פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר
אִין תִּרְצָה :
34 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס
אִיז שְׁלֶעכְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן
דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען
אִין דֶעם וֶועג פוּן יָרָבְעָם, אוּנְד אִין
זַיינֶע זִינְד, וָואס עֶר הָאט דִיא יִשְׂרָאֵל
גֶעמַאכְט זִינְדִיגֶען :

## קאפיטעל טז

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יֵהוּא בֶּן חֲנָנִי וֶועגֶען
בַּעְשָׁא, אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
2 וָוייל אִיךְ הָאבּ דִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען פוּן
דֶעם שְׁטוֹיבּ, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ
גֶעגֶעבֶּען פַאר אֵיין פִירְשְׁט אִיבֶּער מֵיין
פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא בִּיזְט גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם וֶועג פוּן יָרָבְעָם, אוּנְד
דוּא הָאסְט מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל גֶעמַאכְט
זִינְדִיגֶען, מִיךְ צוּ דֶערְצָארֶענֶען מִיט
אִיירֶע זִינְד :
3 זֶעה, אִיךְ וֶועל אוֹיסְקֶעהְרֶען נָאךְ
בַּעְשָׁא, אוּנְד נָאךְ זַיין הויזְגֶעזִינְד, אוּנְד
אִיךְ וֶועל מַאכֶען דַיין הויזְגֶעזִינְד, וִויא
דָאס הויזְגֶעזִינְד פוּן יָרָבְעָם בֶּן נְבָט :
4 וֶוער עֶס וֶועט שְׁטַארְבֶּען פוּן
בַּעְשָׁא אִין דֶער שְׁטָאט, וֶועלֶען דִיא הִינְט
אוֹיפְעֶסֶען, אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט פוּן
אִיהְם שְׁטַארְבֶּען אוֹיף דֶעם פֶעלְד,
וֶועלֶען דִיא פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל אוֹיפְעֶסֶען :
5 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
בַּעְשָׁא, אוּנְד וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן,
אוּנְד פוּן זַיינֶע מַאכְט, זֶענֶען זֵייא נִיט
גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ, פוּן דִיא טֶעג־גֶעשִׁיכְטֶע, פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל ?
6 אוּנְד בַּעְשָׁא הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט
מִיט זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד אִיז בֶּעגְרָאבֶּען
גֶעוָוארֶען אִין תִּרְצָה, אוּנְד אֵלָה זַיין
זוּהְן הָאט רֶעגִירְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם :

אוּנְד

7 אוּנְד אוֹיךְ דוּרְךְ יֵהוּא בֶּן חֲנָנִי
דֶעם נָבִיא, אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וָוארְט
פוּן דֶעם הַאר צוּ בַּעְשָׁא, אוּנְד צוּ
זַיין הוֹיזְגֶעזִינְד, וֶועגֶען דֶעם גַאנְצֶען
שְׁלֶעכְטֶען וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן אִין
דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר, אִיהְם צוּ
דֶערְצָארֶענֶען דוּרְךְ דִיא וֶוערְק פוּן
זַיינֶע הֶענְד, דָאס עֶר זָאל זַיין וִויא
דָאס הוֹיז פוּן יָרָבְעָם, אוּנְד וֶועגֶען דֶעם
וָואס עֶר הָאט אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען׃
8 אִין דֶעם זֶעכְּם אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶען
יָאהְר פוּן אָסָא דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה
הָאט אֵלָה בֶּן בַּעְשָׁא רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער
יִשְׂרָאֵל אִין תִּרְצָה צְוֵויא יָאהְר׃
9 אָבֶּער זַיין קְנֶעכְט זִמְרִי, דֶער
אוֹיבֶּערְשְׁטֶער אִיבֶּער אֵיינֶע הֶעלְפְט פוּן
דִיא רַייטְוָועגֶען, הָאט אוֹיף אִיהְם גֶע־
מַאכְט אַיין בּוּנְד אַלְס עֶר הָאט גֶע־
טְרוּנְקֶען אוּנְד הָאט זִיךְ אָנְגֶעשִׁיכָּרְט
אִין תִּרְצָה אִין דֶעם הוֹיז פוּן אַרְצָא,
וָואס אִיז אִיבֶּער דֶעם הוֹיז אִין תִּרְצָה׃
10 אוּנְד זִמְרִי אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאט אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד הָאט
אִיהְם גֶעטֵייט אִין דֶעם זִיבֶּען אוּנְד
צְוַואנְצִיגְסְטֶען יָאהְר פוּן אָסָא, קֶענִיג
פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט
אַנְשְׁטָאט אִיהְם׃
11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס עֶר
הָאט רֶעגִיעֶרְט, אַלְס עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען
אוֹיף זַיין שְׁטוּהְל, הָאט עֶר גֶעשְׁלָאגֶען
דָאס גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן בַּעְשָׁא, עֶר
הָאט אִיהְם נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אֵיינֶעם
וָואס פִּיסְט אוֹיף דֶער וַואנְד; אוּנְד
אוֹיךְ נִיט זַיינֶע פֶערְוַואנְדְטֶע אוּנְד
זַיינֶע פְרֵיינְד׃
12 אוּנְד זִמְרִי הָאט פֶערְטִילִיגְט דָאס
גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן בַּעְשָׁא, אַזוֹי
וִויא דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, וָואס
עֶר הָאט גֶערֶעט וֶועגֶען בַּעְשָׁא דוּרְךְ
דֶעם נָבִיא יֵהוּא׃
13 וֶועגֶען אַלֶע זִינְד פוּן בַּעְשָׁא,
אוּנְד וֶועגֶען דִיא זִינְד פוּן זַיין זוּהְן
אֵלָה, וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט,
אוּנְד וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט זִינְ־
דִיגֶען דָאס פָאלְק יִשְׂרָאֵל צוּ עֶרְצֶערְנֶען
דֶעם הַאר, דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, מִיט
זֵייעֶרֶע נַארִישְׁקֵייטֶען׃
14 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
אֵלָה, אוּנְד דָאס וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן,
זֶענֶען זֵייא נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ
פוּן דִבְרֵי הַיָמִים פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן
יִשְׂרָאֵל?
15 אִין דֶעם זִיבֶּען אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶען
יָאהְר פוּן אָסָא דֶעם מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה,
הָאט זִמְרִי רֶעגִיעֶרְט זִיבֶּען טֶעג אִין
תִּרְצָה, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ
גֶעלַאגֶערְט קֶעגֶען גִבְּתוֹן וָואס גֶעהֶערְט
צוּ דִיא פְּלִשְׁתִּים׃
16 אוּנְד אַלְס דָאס פָאלְק וָואס הָאט
זִיךְ גֶעלַאגֶערְט הָאט עֶס דֶערְהֶערְט, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, זִמְרִי הָאט גֶעמַאכְט אַ בּוּנְד,
אוּנְד הָאט אוֹיךְ דֶעם מֶלֶךְ גֶעשְׁלָאגֶען,
אַזוֹי הָאט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק יִשְׂרָאֵל
עָמְרִי, דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען אִיבֶּער
דֶעם חַיִל, גֶעמַאכְט קֶענִיגֶען אִיבֶּער
דֶעם גַאנְצֶעם פָאלְק וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
אִין יֶענֶעם טָאג אִין דֶער מַחֲנֶה׃
17 אוּנְד עָמְרִי אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל מִיט אִיהְם, פוּן
גִבְּתוֹן, אוּנְד הָאט בֶּעלַאגֶערְט תִּרְצָה׃
18 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַלְס זִמְרִי
הָאט גֶעזֶעהֶען, אַז דִיא שְׁטָאט אִיז
בֶּעצְווּאוּנְגֶען גֶעוָוארֶען, אִיז עֶר גֶע־
קוּמֶען צוּ דֶעם פַּאלַאסְט אִין דֶעם הוֹיז

פוּן

פון דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד הָאט זִיךְ פֶערְבְּרֶענְט מִיט דֶעם הויז פון דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען:

19 װעגֶען זַיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט, צוּ טְהוּן דָאס שְׁלֶעכְטֶעס אִין דִיא אויגֶען פון דֶעם הַאר, אוּם צוּ גֵיין אִין דֶעם װעג פון יָרָבְעָם, אוּנְד װעגֶען זַיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, יִשְׂרָאֵל זִינְדִיגֶען צוּ מַאכֶען:

20 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פון זִמְרִי, אוּנְד זַיין בּוּנְד וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט, זֶענֶען זַייא נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פון דִבְרֵי הַיָמִים פון דִיא קֶענִיגֶע פון יִשְׂרָאֵל?

21 דַאמָאלְס הָאט זִיךְ דָאס פָאלְק יִשְׂרָאֵל צוּטְהֵיילְט אִין צְוַויא טְהֵיילֶען, אֵיין הֶעלְפְט פָאלְק אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ תִּבְנִי בֶּן גִינַת, אִיהְם קֶענִיגֶען צוּ מַאכֶען, אוּנְד אֵיין הֶעלְפְט נָאךְ עָמְרִי:

22 אָבֶּער דָאס פָאלְק וָואס אִיז נָאכְגֶעגַאנְגֶען עָמְרִי אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְקֶער דֶען דִיא וָואס זֶענֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען תִּבְנִי בֶּן גִינַת, אוּנְד תִּבְנִי אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד עָמְרִי הָאט רֶעגִיעֶרְט:

23 אִים אֵיין אוּנְד דְרַייסִיגְסְטֶען יָאהְר פון אָסָא דֶעם מֶלֶךְ פון יְהוּדָה, הָאט עָמְרִי רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל צְוֶועלְף יָאהְר; אִין תִּרְצָה הָאט עֶר רֶעגִיעֶרְט זֶעכְס יָאהְר:

24 אוּנְד עֶר הָאט גֶעקוֹיפְט דֶעם בַּארְג שֹׁמְרוֹן, פון שֶׁמֶר, פַאר צְוַויא צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹיט אוֹיף דֶעם בַּארְג, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען פון דֶער שְׁטָאט וָואס עֶר הָאט גֶעבּוֹיט, נָאךְ דֶעם נָאמֶען פון שֶׁמֶר, דֶעם בֶּעזִיצֶער פון דֶעם בַּארְג שֹׁמְרוֹן:

25 אוּנְד עָמְרִי הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס אִיז שְׁלֶעכְט אִין דִיא אויגֶען פון דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען עֶרְגֶער פון אַלֶע וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פַאר אִיהְם:

26 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין אַלֶע װעגֶען פון יָרָבְעָם בֶּן נְבָט, אוּנְד אִין זַיינֶע זִינְד, וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט יִשְׂרָאֵל זִינְדִיגֶען, צוּ דֶערְצָארְנֶען דֶעם הַאר, גָאט פון יִשְׂרָאֵל, מִיט זַיירֶע גֶעצֶענְבִּילְדֶער:

27 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פון עָמְרִי, וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, אוּנְד זַיינֶע שְׁטַארְקֵייט וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, זֶענֶען זַייא נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פון דִבְרֵי הַיָמִים פון דִיא קֶענִיגֶע פון יִשְׂרָאֵל?

28 אוּנְד עָמְרִי הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד עֶר אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען אִין שֹׁמְרוֹן, אוּנְד זַיין זוּהְן אַחְאָב הָאט רֶעגִיעֶרְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם:

29 אוּנְד אַחְאָב דֶער, זוּהְן פון עָמְרִי, הָאט רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אִין דֶעם אַכְט אוּנְד דְרַייסִיגְסְטֶען יָאהְר פון אָסָא דֶעם מֶלֶךְ פון יְהוּדָה, אוּנְד אַחְאָב דֶער זוּהְן פון עָמְרִי הָאט רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אִין שֹׁמְרוֹן צְוַויא אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר:

30 אוּנְד אַחְאָב בֶּן עָמְרִי הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס אִיז שְׁלֶעכְט אִין דִיא אויגֶען פון דֶעם הַאר, מֶעהְר פון אַלֶע וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פַאר אִיהְם:

31 אוּנְד עֶס אִיז אִיהְם גֶעוֶועזֶען צוּ גְרִינְג, וָואס עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא זִינְד פון יָרָבְעָם בֶּן נְבָט, עֶר הָאט נָאךְ דַאצוּ גֶענוּמֶען פַאר אַ וַוייבּ אִיזֶבֶל דִיא טָאכְטֶער פון אֶתְבַּעַל דֶעם מֶלֶךְ פון דִיא צִדוֹנִים, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען

אונד

אוּנְד הָאט גֶעדִינְט דֶעם בַּעַל, אוּנְד
עֶר הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבּוּקְט:
32 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אַ
מִזְבֵּחַ צוּ דֶעם בַּעַל, אִים הוֹיז פוּן דֶעם
בַּעַל וָואס עֶר הָאט גֶעבּוֹיט אִין שֹׁמְרוֹן:
33 אוּנְד אַחְאָב הָאט גֶעמַאכְט אַ
לִינְדֶענְבּוֹים, אוּנְד אַחְאָב הָאט עֶס נָאךְ
גֶעטְהוּן צוּ דֶערְצֶערְנֶען יְהוָה, דֶעם גָאט
פוּן יִשְׂרָאֵל, מֶעהְר פוּן אַלֶע קֶענִיגֶע
וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פַאר אִיהְם:
34 אִין זַיינֶע צֵייטֶען הָאט חִיאֵל פוּן
בֵּית־אֵל גֶעבּוֹיט יְרִיחוֹ, עֶס הָאט
אִיהְם זַיין עֶלְטֶערֶער זוּהְן אֲבִירָם גֶע־
קָאסְט, וֶוען עֶר הָאט דֶעם גְרוּנְד גֶע־
לֵייגְט, אוּנְד זַיין יוּנְגֶערֶער זוּהְן שְׂגוּב
הָאט עֶס אִיהְם גֶעקָאסְט, וֶוען עֶר הָאט
אִיהְרֶע טְהִירֶען גֶעשְׁטֶעלְט, אַזוֹי וִויא
דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, וָואס עֶר
הָאט גֶערֶעט דוּרךְ יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן:

קאפיטעל יז

1 אוּנְד אֵלִיָּהוּ הַתִּשְׁבִּי פוּן דִיא אֵיינְ־
וָואוינֶער פוּן גִלְעָד הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אַחְאָב, אַזוֹי וָואהְר וִויא יְהוָֹה דֶער הַאר
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל לֶעבְּט, פַאר
דֶעם וָואס אִיךְ בִּין פַאר אִיהְם גֶע־
שְׁטַאנֶען, אוֹיבּ עֶס וֶועט זַיין טְהוֹי
אָדֶער רֶעגֶען אִין דִיא דָאזִיגֶע יָאהְרֶען,
גַייעֶרְט נָאךְ מֵיין וָוארְט:
2 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אִיהְם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
3 גֵייא פוּן דַאנֶען, אוּנְד וָואלְסְט זִיךְ
וֶוענְדֶען קֶעגֶען מִזְרַח־זַייט, אוּנְד דוּא
וָואלְסְט דִיךְ פֶערְבָּארְגֶען בֵּייא דֶעם טֵייךְ
כְּרִית, וָואס אִיז פַאר דֶעם יַרְדֵּן:
4 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, דָאס פוּן דֶעם
טֵייךְ וֶועסְט דוּא טְרִינְקֶען, אוּנְד דִיא
רָאבֶּען הָאבּ אִיךְ גֶעבָּאטֶען, דָאס זַייא
זָאלֶען דִיךְ דָארְטֶען שְׁפֵּייזֶען:
5 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעטְהוּן נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן
דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט בֵּייא דֶעם
טֵייךְ כְּרִית, וָואס אִיז פַאר דֶעם יַרְדֵּן:
6 אוּנְד דִיא רָאבֶּען הָאבֶּען אִיהְם
גֶעבְּרֶענְגְט בְּרוֹיט אוּנְד פְלֵיישׁ, אַם
פְרִיה מָארְגֶען, אוּנְד בְּרוֹיט אוּנְד
פְלֵיישׁ אַם אָבֶענְד, אוּנְד פוּן דֶעם טֵייךְ
הָאט עֶר גֶעטְרוּנְקֶען:
7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ אֵיינִיגֶע
טֶעג, אַזוֹי אִיז דֶער טֵייךְ אוֹיסְגֶע־
טְרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען, ווייל עֶס אִיז קֵיין
רֶעגֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם לַאנְד:
8 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אִיהְם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
9 שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד גֵייא נָאךְ צָרְפַת
וָואס אִיז בֵּייא צִידוֹן, אוּנְד זָאלְסְט דָארְטֶען
וָואוינֶען, זֶעה, אִיךְ הָאבּ דָארְטֶען גֶע־
בָּאטֶען אֵיינֶע פְרוֹי אֵיינֶע אַלְמָנָה, דִיךְ צוּ
דֶערְנֶעהְרֶען:
10 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ צָרְפַת,
אוּנְד אַלְס עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אַן דִיא
טְהִיר פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד זֶעה, אַ פְרוֹי
אֵיינֶע אַלְמָנָה הָאט דָארְטֶען גֶעקְלִיבֶּען
הָאלְץ, אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶערוּפֶען,
אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, בְּרֶענְג
פַאר מִיר אַ בִּיסֶעל וַואסֶער אִין אֵיין
כְּלִי, אוּנְד אִיךְ וֶועל טְרִינְקֶען:
11 אוּנְד אַלְס זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען עֶס צוּ
בְּרֶענְגֶען, הָאט עֶר זִיא גֶערוּפֶען, אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ בְּרֶענְג מִיר
אַייךְ אַ שְׁטִיק בְּרוֹיט אִין דֵיינֶע הַאנְד:
12 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי
וָואהְר וִויא דֶער הַאר, דֵיין גָאט לֶעבְּט,

אויב איך האָב אַ קוכען, נייערט
אַ האַנד פול פון מעהל אין קרוג,
אונד אַ ביסעל אייל אין אַ פלאַש,
אונד איך קלויב העלצער אַז איך
זאָל קומען, אונד עס צוריכטען פאַר
מיר אונד פאַר מיין זוהן, אַז מיר
זאָלען עס עסען, אונד דאַן שטאַרבען:
13 אונד אֵלִיָהוּ האָט צו איהר גע־
זאָגט, דו זאָלסט דיך ניט פאַרכטען,
גייא אונד טהו וויא דו האָסט געזאָגט,
אָבער מאַך מיר צוערשט דערפון אַ
קליינעם קוכען, אונד זאָלסט עס
מיר אַרויסברענגען, אונד דערנאָך
זאָלסט דו מאַכען פאַר דיר אונד
פאַר דיין זוהן:
14 וואָרין אַזוי האָט דער האַר, גאָט
פון ישראל געזאָגט, דער קרוג מעהל
וועט זיך ניט ענדיגען, אונד דיא
פלאַש אייל וועט ניט פעהלען, ביז אַן
דעם טאָג וואָס דער האַר וועט גע־
בען רעגען אויף דעם אָנגעזיכט פון דער
ערד:
15 אונד זיא איז געגאַנגען אונד זיא האָט
געטהון נאָך דעם וואָרט פון אֵלִיָהוּ,
אונד ער, אונד זיא, אונד איהר הויז־
געזינד האָבען (דערפון) געגעסען אַ
לאַנגע צייט:
16 דער קרוג מעהל האָט זיך ניט
געענדיגט, אונד דיא פלאַש אייל האָט
ניט געפעהלט, אַזוי וויא דאָס וואָרט
פון דעם האַר, וואָס ער האָט גערעדט
דורך אֵלִיָהוּ:
17 אונד עס איז געוועזען נאָך דיא
דאָזיגע ווערטער, איז דער זוהן פון
דיא פרוי, דיא הויזבעזיצערין, קראַנק
געוואָרען, אונד זיינע קראַנקהייט איז
געוועזען זעהר שטאַרק, דאָס קיין
(נְשָׁמָה) אָטעם איז אין איהם געבליבען:
18 אונד זיא האָט געזאָגט צו אֵלִיָהוּ,
וואָס האָב איך מיט דיר צו שאַפען דוא
געטליכער מאַן, דאָס דוא ביסט צו מיר
געקומען צו דערמאַנען מיינע זינד,
אונד צו טייטען מיין זוהן:
19 אונד ער האָט צו איהר געזאָגט,
גיב מיר דיין זוהן, אונד ער האָט
איהם גענומען פון איהר שויס, אונד
ער האָט איהם אַרויפגעבראַכט אין דיא
אויבער־שטוב, וואו ער איז דאָרטען
געוועסען, אונד ער האָט איהם גע־
לייגט אויף זיין בעט:
20 אונד ער האָט גערופען צו דעם
האַר, אונד האָט געזאָגט, אָ האַר מיין
גאָט! האָסט דו אויך אין אונגליק
געבראַכט אויף דיא אַלְמָנָה וואו איך
וואוין ביי איהר צו טייטען איהר
זוהן:
21 אונד ער האָט זיך אויסגעמאָסטען
אויף דעם קינד דרייא מאָל, אונד ער
האָט גערופען צו דעם האַר, אונד
האָט געזאָגט, אָ האַר, מיין גאָט, לאָז
זיך דאָך צוריקקעהרען דיא זעעלע
פון דעם דאָזיגען קינד אין איהם:
22 אונד דער האַר האָט געהערט
דיא שטימע פון אֵלִיָהוּ, אונד דיא
זעעלע פון דעם קינד האָט זיך צו־
ריקגעקעהרט, אין איהם, אונד ער
איז לעבעדיג געוואָרען:
23 אונד אֵלִיָהוּ האָט גענומען דאָס
קינד, אונד האָט איהם אַרופגעבראַכט
פון דיא אויבער־שטוב, אין הויז, אונד
האָט איהם געגעבען צו זיינע מוטער,
אונד אֵלִיָהוּ האָט געזאָגט, זעה דיין
זוהן לעבט:
24 אונד דיא פרויא האָט געזאָגט צו

אֵלִיָהוּ, אַצוּנְד ווייס אִיךְ דָאס דוּא
בִּיסְט אַ גֶעטְלִיכֶער מַאן, אוּנְד דָאס
וָוארְט פוּן דֶעם הַאר וָואס אִיז אִין
דֵיין מוֹיל, אִיז וָואהְרְהֵייט:

קאפיטעל יח

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ אֵיינֶע
לַאנְגֶע צֵייט, אַזוֹי אִיז דָאס וָוארְט פוּן
דֶעם הַאר גֶעוֶועזֶען צוּ אֵלִיָהוּ, אִין דֶעם
דְרִיטֶען יָאהְר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גֵייא,
אוּנְד בֶּעווייז זִיךְ צוּ אַחְאָב, אוּנְד אִיךְ
וֶועל גֶעבֶּען רֶעגֶען, אוֹיף דֶעם אָנְגֶעזִיכְט
פוּן דֶער עֶרְד:
2 אוּנְד אֵלִיָהוּ אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּם זִיךְ
צוּ בֶּעווייזֶען צוּ אַחְאָב; אוּנְד דֶער
הוּנְגֶער אִיז שְׁטַארְק גֶעוֶועזֶען אִין
שֹׁמְרוֹן:
3 אוּנְד אַחְאָב הָאט גֶערוּפֶען צוּ
עוֹבַדְיָהוּ, וָואס עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער
אוֹיבֶּערשְׁטֶער אִיבֶּער דֶעם הוֹיז; אָבֶּער
עוֹבַדְיָהוּ הָאט זִיךְ זֶעהְר גֶעפָּארְכְטֶען
פַאר גָאט:
4 וָוארִין אַלְס אִיזֶבֶל הָאט פֶערְנִיכְטֶעט
דִיא נְבִיאִים פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי הָאט
עוֹבַדְיָהוּ גֶענוּמֶען הוּנְדֶערְט נְבִיאִים,
אוּנְד הָאט זַייא בֶּעהַאלְטֶען צוּ פוּפְצִיג
מֶענְשֶׁען אִין אֵיין הֵייל, אוּנְד הָאט זַייא
פֶערְזָארְגְט מִיט בְּרוֹיט אוּנְד וַואסֶער:
5 אַזוֹי הָאט אַחְאָב גֶעזָאגְט צוּ
עוֹבַדְיָהוּ, גֵייא דוּרְךְ דֶעם לַאנְד, בֵּייא
אַלֶע וַואסֶער־קְוֶועלֶען, אוּנְד טֵייכֶען,
פִילֵייכְט וֶועלֶען מִיר גֶעפִינֶען גְרָאז,
אוּנְד מִיר וֶועלֶען בֵּייא דֶעם לֶעבֶּען
דֶערְהַאלְטֶען, דִיא פֶערְד אוּנְד מוֹיל־
טְהִירֶען, אוּנְד מִיר וֶועלֶען נִיט לָאזֶען
פֶערְנִיכְטֶען דִיא בְּהֵמוֹת:
6 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ צוּטְהֵיילְט
אִין דֶעם לַאנְד, עֶס דוּרְךְ צוּ רֵייזֶען,
אַחְאָב אִיז גֶעגַאנְגֶען אַלֵיין אוֹיף אֵיין
וֶועג, אוּנְד עוֹבַדְיָהוּ אִיז גֶעגַאנְגֶען
אַלֵיין אוֹיף אֵיין וֶועג:
7 אוּנְד אַלְס עוֹבַדְיָהוּ אִיז גֶעגַאנְגֶען
אִין דֶעם וֶועג, אוּנְד זֶעה, אַזוֹי אִיז
אִיהְם אֵלִיָהוּ אֶנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד
עֶר הָאט אִיהְם דֶערְקָאנְט, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵיין אָנְגֶעזִיכְט, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא נִיט מֵיין
הַאר אֵלִיָהוּ?
8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין
עֶס, גֵייא זָאג צוּ דֵיין הַאר,—זֶעה אֵלִיָהוּ
אִיז דָא:
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס הָאבּ
אִיךְ גֶעזִינְדִיגְט, דָאס דוּא גִיבְּסְט אִיבֶּער
דֵיין קְנֶעכְט, אִין דִיא הַאנְד פוּן אַחְאָב
מִיךְ צוּ טֵייטֶען?
10 אַזוֹי וָואהְר וִויא דֶער הַאר, דֵיין
גָאט לֶעבְּט, אוֹיבּ עֶס אִיז דָא אֵיין
פָאלְק אָדֶער אֵיין קֶענִיגְרֵייךְ, וָואס מֵיין
הַאר הָאט מִיךְ נִיט דָארְטֶען גֶעשִׁיקְט
דִיךְ צוּ זוּכֶען, אוּנְד אַז זַייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, דָאס עֶר אִיז נִיט דָא, אַזוֹי
הָאט עֶר בֶּעשְׁוָוארֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ,
אוּנְד דָאס פָאלְק, דָאס מֶען הָאט דִיךְ
נִיט גֶעפוּנֶען:
11 אוּנְד אַצוּנְד זָאגְסְט דוּא, גֵייא, אוּנְד
זָאג צוּ דֵיין הַאר, זֶעה אֵלִיָהוּ אִיז דָא:
12 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין, וֶוען אִיךְ וֶועל
פוּן דִיר אַוֶועקְגֵיין, אוּנְד דֶער גֵייסְט
פוּן דֶעם הַאר וֶועט דִיךְ אַוֶועקְטְרָאגֶען;
אוּנְד אִיךְ ווייס נִיט וְואוּ אַהִין, אוּנְד
אִיךְ וֶועל קוּמֶען עֶס צוּ זָאגֶען צוּ אַחְאָב,
אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ נִיט גֶעפִינֶען, וֶועט
עֶר מִיךְ דֶערְשְׁלָאגֶען, אוּנְד דֵיין קְנֶעכְט
פָארְכְט זִיךְ פַאר דֶעם הַאר פוּן מֵיינֶע
יוּגֶענְד אָן:

איז

13 אִיז דֶען נִיט אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ מַיין הַאר וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן, וֶוען אִיזֶבֶל הָאט דֶערשְׁלָאגֶען דִיא נְבִיאִים פוּן דֶעם הַאר? אִיךְ הָאבּ בֶּעהַאלְטֶען פוּן דִיא נְבִיאִים פוּן דֶעם הַאר, הוּנְדֶערְט מַאן, צוּ פוּפְצִיג אִין אֵיין הֵייל, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא בֶּעזָארְגְט מִיט בְּרוֹיט אוּנְד מִיט וַואסֶער:

14 אוּנְד אַצוּנְד זָאגְסְט דוּא, גֵייא זָאג צוּ דַיין הַאר, זֶעה אֵלִיָהוּ אִיז דָא, אוּנְד עֶר וֶועט מִיךְ דֶערשְׁלָאגֶען:

15 אוּנְד אֵלִיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי וָואהְר וִויא יְהוָֹה צְבָאוֹת לֶעבְּט, וָואס אִיךְ שְׁטֵייא פַאר אִיהְם, דָאס אִיךְ וֶועל מִיךְ צוּ אִיהְם הַיינְט בֶּעווַייזֶען:

16 אוּנְד עוֹבַדְיָהוּ אִיז גֶעגַאנְגֶען אַחְאָב צוּ בֶּעגֶעגֶענֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעזָאגְט, אוּנְד אַחְאָב אִיז גֶעגַאנְגֶען אֵלִיָהוּ צוּ בֶּעגֶעגֶענֶען:

17 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַלְס אַחְאָב הָאט דֶערְזֶעהֶען אֵלִיָהוּ, הָאט אַחְאָב צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער, וָואס הָאט בֶּעטְרִיבְּט יִשְׂרָאֵל?

18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ דִיא יִשְׂרָאֵל נִיט בֶּעטְרִיבְּט, נֵייעֶרְט דוּא אוּנְד דַיין פָאטֶער'ס הויז, דֶערְמִיט וָואס אִיהְר הָאט פֶערְלָאזֶען דִיא מִצְוֹת פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אִיהְר זַייט נָאכְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ דִיא בְּעָלִים:

19 אוּנְד אַצוּנְד, שִׁיק אוּנְד פֶערְזַאמֶעל צוּ מִיר גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, צוּ דֶעם בַּארְג כַּרְמֶל, אוּנְד דִיא פִיעֶר הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג נְבִיאִים פוּן בַּעַל, אוּנְד דִיא פִיעֶר הוּנְדֶערְט נְבִיאִים פוּן לִינְדֶען־בּוֹים, וָואס עֶסֶען בֵּייא דֶעם טִישׁ פוּן אִיזֶבֶל:

20 אוּנְד אַחְאָב הָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְטֶער אַלֶע קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט פֶערְזַאמֶעלְט דִיא נְבִיאִים צוּ דֶעם בַּארְג כַּרְמֶל:

21 אוּנְד אֵלִיָהוּ אִיז צוּגֶעטְרֶעטֶען צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בִּיז וִויא לַאנְג וֶועט אִיהְר הִינְקֶען אוֹיף צְווֵייא זֵייטֶען? וֶוען יְהוָֹה אִיז דֶער גָאט, גֵייט אִיהְם נָאךְ, אוּנְד אוֹיבּ דֶער בַּעַל (אִיז גָאט) אַזוֹי גֵייט אִיהְם נָאךְ; אָבֶּער דָאס פָאלְק הָאט אִיהְם נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט אֵיין וָוארְט:

22 אוּנְד אֵלִיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, אִיךְ בִּין אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען אַ נָבִיא צוּ דֶעם הַאר, אוּנְד דִיא נְבִיאִים פוּן בַּעַל זֶענֶען פִיעֶר הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּנְפְצִיג מַאן:

23 אוּנְד לָאז מֶען אוּנְס גֶעבֶּען צְווֵייא אָקְסֶען, אוּנְד לָאזֶען זֵייא אוֹיסְקְלֵייבֶּען אֵיין אָקְס אוּנְד זֵייא זָאלֶען אִיהְם צֶערְשְׁנֵיידֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען עֶס לֵייגֶען אוֹיף דָאס הָאלְץ, אָבֶּער קֵיין פֵייעֶר זָאלֶען זֵייא אוּנְטֶערְלֵייגֶען אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען אֵיין אָקְס, אוּנְד וֶועל אִיהְם גֶעבֶּען אוֹיף דָאס הָאלְץ, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיךְ קֵיין פֵייעֶר אוּנְטֶערְלֵייגֶען:

24 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אָנְרוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן אֵייעֶר גָאט, אוּנְד אִיךְ וֶועל אָנְרוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז דֶער גָאט וָואס וֶועט עֶנְטְפֶערֶען מִיט פֵייעֶר, דֶער אִיז אַ גָאט; אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דָאס דִיא זַאךְ אִיז גוּט:

25 אוּנְד אֵלִיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא נְבִיאִים פוּן דֶעם בַּעַל, קְלוֹיבְּט אֵייךְ אוֹיס אַן אָקְס אוּנְד מַאכְט צוּם עֶרְשְׁטֶען, וָוארִין אִיהְר זַייט פִיל מֶעהְר, אוּנְד רוּפְט

אָן דֶעם נאָמֶען פוּן אֵייעֶר גָאט, אָבֶּער
קֵיין פֵּייעֶר זָאלְט אִיהְר אוּנְטֶערלֵייגֶען׃
26 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען דֶעם
אָקְס וָואס עֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעמַאכְט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען
פוּן דֶעם בַּעַל, פוּן פְרִיה מָארְגֶען בִּיז
מִיטָאג, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אָ בַּעַל עֶנְטְפֶער
אוּנְס! אָבֶּער עֶס וַואר קֵיין קוֹל, אוּנְד
קֵיין עֶנְטְפֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶע־
שְׁפְּרוּנְגֶען אַרוּם דֶעם מִזְבֵּחַ, וָואס עֶר
הָאט גֶעמַאכְט׃
27 אוּנְד אַלְס עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
מִיטָאגְצַייט, הָאט אֵלִיָהוּ פוּן זֵייא גֶע־
שְׁפָּאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שְׁרֵייט
מִיט אַ הוֹיכֶען קוֹל, וָוארִין עֶר אִיז אַ
גָאט, אוּנְד עֶר הָאט אַן אוּנְטֶערְרֶעדוּנְג,
אָדֶער עֶר הָאט צוּ שַׁאפֶען, אָדֶער עֶר
אִיז אוֹיף דֶעם וֶועג, טָאמֶער שְׁלָאפְט
עֶר אוּנְד מוּז אוֹפְגֶעוֶועקְט וֶוערֶען׃
28 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען מִיט
אַ הוֹיכֶען קוֹל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
גֶעקְרַאצְט נָאךְ זֵייעֶר גֶעוואוֹינְהֵייט מִיט
שְׁוֶוערְדֶען, אוּנְד מִיט שְׁפִּיזֶען בִּיז עֶס
הָאט זִיךְ אִיבֶּער זֵייא בְּלוּט גֶעגָאסֶען׃
29 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וִויא דֶער
מִיטָאג אִיז פַארְאִיבֶּער, הָאבֶּען זֵייא
נְבִיאוּת גֶעזָאגְט בִּיז דִיא צֵייט וָואס מֶען
אִיז מַקְרִיב דָאס קָרְבָּן מִנְחָה, אָבֶּער
עֶס וַואר קֵיין קוֹל, קֵיין עֶנְטְפֶער, אוּנְד
קֵיין אוֹיפְמֶערְקֶען׃
30 אוּנְד אֵלִיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
גַאנְצֶען פָאלְק, קוּמְט אַהֶער צוּ מִיר,
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זֶענֶען צוּגֶע־
גַאנְגֶען צוּ אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְּ־
גֶעבּוֹיט דֶעם צֶערְשְׁטֶערְטֶען מִזְבֵּחַ פוּן
דֶעם הַאר׃
31 אוּנְד אֵלִיָהוּ הָאט גֶענוּמֶען צְוֶועלְף
שְׁטֵיינֶער, נָאךְ דֶער צָאהְל פוּן דִיא
שְׁבָטִים, דִיא קִינְדֶער פוּן יַעֲקוֹב, וָואס
דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז גֶע־
וֶועזֶען צוּ אִיהְם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, יִשְׂרָאֵל,
זָאל זַיין דַיין נָאמֶען׃
32 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹיט פוּן דִיא
שְׁטֵיינֶער אַ מִזְבֵּחַ, אִין דֶעם נָאמֶען
פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
מַאכְט אַרוּם דֶעם מִזְבֵּחַ אַ גְרָאבֶּען,
צְוֵויא קָארְנְמָאס בְּרֵייט׃
33 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶערִיכְטֶעט דָאס
הָאלְץ, אוּנְד עֶר הָאט צוּשְׁנִיטֶען דֶעם
אָקְס, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעלֵייגְט אוֹיף
דֶעם מִזְבֵּחַ׃
34 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מַאכְט
פוּל פִיעֶר קְרוּג וַואסֶער, אוּנְד גִיסְט עֶס
אוֹיף דֶעם בְּרַאנְד־אָפְּפֶער, אוּנְד אוֹיף
דָאס הָאלְץ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
טְהוּט עֶס אַ צְוֵוייטֶעס מָאל, אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא עֶס נָאךְ אֵיין מָאל גֶעטְהוּן,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, טְהוּט עֶס אַ
דְרִיטֶעס מָאל, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא עֶס
גֶעטְהוּן אַ דְרִיטֶעס מָאל׃
35 אוּנְד דָאס וַואסֶער אִיז גֶעפְלָאסֶען
אַרוּם דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד אוֹיךְ דִיא
גְרוּבּ הָאט דָאס וַואסֶער פוּל גֶעמַאכְט׃
36 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער
צֵייט וָואס מֶען אִיז מַקְרִיב דָאס
קָרְבָּן מִנְחָה, אִיז דֶער נָבִיא אֵלִיָהוּ
צוּגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אָ יְהוָֹה,
גָאט פוּן אַבְרָהָם, יִצְחָק אוּנְד יִשְׂרָאֵל,
הֵיינְט לָאז עֶס בֶּעקַאנְט וֶוערֶען אַז דוּא
בִּיזְט אֵיין גָאט אִין יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיךְ
בִּין דַיין קְנֶעכְט, אוּנְד דָאס דוּרְךְ
דַיינֶע וֶוערְטֶער הָאבּ אִיךְ דָאס אַלֶעס
גֶעטְהוּן׃

37 עֶנְטפֶער מִיר אָ יְהוָֹה, עֶנְטְפֶער מִיר
אַז דָאס (גַאנְצֶע) דָאזִיגֶע פָאלְק זָאל
וִויסֶען, דָאס דוּא בִּיסְט דֶער הַאר גָאט,
וָאס הָאסְט זֵייעֶר הַארְץ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט:
38 אוּנְד אַ פֵייעֶר אִיז אַרוּפְגֶעפַאלֶען
פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד הָאט פֶערְבְּרֶענְט
דָאס בְּרַאנְד־אָפְּפֶער, אוּנְד דָאס הָאלְץ,
אוּנְד דִיא שְׁטֵיינֶער, אוּנְד דֶעם שְׁטוֹיבּ,
אוּנְד עֶס הָאט אוֹיסְגֶעלֶעקְט דָאס
וַואסֶער אִין דֶער גְרוּבּ:
39 אוּנְד אַלְס דָאס גַאנְצֶע פָאלְק
הָאט עֶס גֶעזֶעהֶען, זֶענֶען זֵייא גֶע־
פַאלֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע אָנְגֶעזִיכְטֶער אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, יְהוָֹה אִיז גָאט,
יְהוָֹה אִיז גָאט!:
40 אוּנְד אֵלִיָהוּ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
דֶערְחַאפְּט דִיא נְבִיאִים פוּן בַּעַל,
קֵיינֶער זָאל פוּן זֵייא נִיט עֶנְטְרִינֶען
וֶוערֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא דֶערְ־
גְרִיפֶּען, אוּנְד אֵלִיָהוּ הָאט זֵייא אַרוּפְּ־
גֶעפִיהְרְט צוּ דֶעם טֵייךְ קִישׁוֹן, אוּנְד
עֶר הָאט זֵייא דָארְטֶען גֶעשָׁאכְטֶען:
41 אוּנְד אֵלִיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אַחְאָב, גֵייא אַרוֹיף, אוּנְד עֶס אוּנְד
טְרִינְק, וָוארִין עֶס אִיז אַ גֶערוֹישׁ פוּן
רֶעגֶען:
42 אוּנְד אַחְאָב אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען,
צוּ עֶסֶען אוּנְד צוּ טְרִינְקֶען, אוּנְד
אֵלִיָהוּ אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא
שְׁפִּיץ פוּן כַּרְמֶל, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
אַיינְגֶעבּוֹיגֶען צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעטְהוּן זַיין אָנְגֶעזִיכְט צְוִוישֶׁען
זַיינֶע קְנִיעֶן:
43 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין
יוּנְג, גֵייא דָאךְ אַרוֹיף, אוּנְד קוּק צוּ
דֶעם יַם צוּ, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶעקוּקְט, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גָאר נִיט דָא,
אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט, גֵייא צוּרִיק,
זִיבֶּען מָאל:
44 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַן דֶעם
זִיבֶּענְטֶען מָאל, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, זֶעה,
אַ קְלֵיינֶער וָואלְקֶען, וִויא דִיא פוֹיסְט
פוּן אַ מֶענְשׁ גֵייט אַרוֹיף פוּן דֶעם יַם,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא אַרוֹיף
אוּנְד זָאג צוּ אַחְאָב, שְׁפַּאן אַיין, אוּנְד
גֵייא אַרוּפּ, דָאס דֶער רֶעגֶען זָאל דִיךְ נִיט
אוֹיפְהַאלְטֶען:
45 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיידֶער
מֶען זֶעהְט זִיךְ אַרוּם אַהִין אוּנְד אַהֶער,
אַזוֹי אִיז דֶער הִימֶעל גֶעוָוארֶען שְׁוַוארְץ
פוּן וָואלְקֶען אוּנְד פוּן וִוינְד, אוּנְד עֶס
אִיז גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיסֶער רֶעגֶען אוּנְד
אַחְאָב אִיז גֶעפָאהְרֶען, אוּנְד אִיז גֶע־
גַאנְגֶען נָאךְ יִזְרְעֶאל:
46 אוּנְד דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר אִיז
גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער אֵלִיָהוּ, אוּנְד עֶר הָאט
אוּמְגֶעגַארְטֶעלְט זַיינֶע לֶענְדֶען, אוּנְד
אִיז גֶעלָאפֶען פַאר אַחְאָב, בִּיז עֶר אִיז
אָנְגֶעקוּמֶען אִין יִזְרְעֶאל:

קאפיטעל יט

1 אוּנְד אַחְאָב הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אִיזֶבֶל, אַלֶעס וָאס אֵלִיָהוּ הָאט גֶע־
טְהוּן אוּנְד וִויא עֶר הָאט אַלֶע נְבִיאִים
דֶערְשְׁלָאגֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְט:
2 אוּנְד אִיזֶבֶל הָאט גֶעשִׁיקְט אַ
שָׁלִיחַ צוּ אֵלִיָהוּ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי
זָאלֶען מִיר טְהוּן דִיא גֶעטֶער, אוּנְד
אַזוֹי זָאלֶען זֵייא נָאךְ מֶעהְר טְהוּן אוֹיבּ
אִיךְ וֶועל נִיט מָארְגֶען צוּ דֶער דָאזִיגֶער
צֵייט מַאכֶען דַיין לֶעבֶּען אַזוֹי וִויא דָאס
לֶעבֶּען פוּן אֵיינֶעם פוּן זֵייא:
3 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען,
אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז

אוועקגעגאנגען

אַװעקגעגאַנגען (אויס פֿורכט) פֿאַר זײַן
לעבען, און איז אָנגעקומען אין באר
שבע װאָס געהערט צו יהודה, און ער
האָט דאָרטען זײַן יונג אַ בערגעלאָזען:
4 און ער איז געגאַנגען אין דער
מדבר אַ טאָג רײַזע, און ער איז
געקומען און האָט זיך געזעצט
אונטער אַ באַקסען־בױם און ער
האָט געבעטען דאָס זײַנע זעלע זאָל
שטאַרבען, און ער האָט געזאָגט, עס
איז גענוג, אַצונד האַר נעם צו מײַן
לעבען, װאָרין איך בין ניט בעסער
אַלס מײַנע עלטערן:
5 און ער האָט זיך געלײגט, און
איז אײַנגעשלאָפֿען אונטער אַ באַקסען־
בױם, און זעה אַ מלאך האָט
איהם אָנגערירט, און האָט צו איהם
געזאָגט, שטײא אויף און עס:
6 און ער האָט זיך אומגעקוקט,
און זעה, צו זײַן קאָפּענס װאַר אַ
געבאַקען קובעל, און אַ פֿלאַש װאַסער,
און ער האָט געגעסען, און גע־
טרונקען, און האָט זיך װידער געלײגט:
7 און דער מלאך פֿון דעם האַר
איז װידער געקומען דאָס אַנדערע
מאָל, און האָט איהם אָנגערירט,
און האָט געזאָגט, שטײא אויף און
עס, װאָרין דו האָסט אַ גרױסען װעג
פֿאַר דיר:
8 און ער איז אויפֿגעשטאַנען, און
האָט געגעסען און געטרונקען, און
איז געגאַנגען דורך די קראַפֿט פֿון
יענע שפּײַז פֿירציג טעג און פֿירציג
נעכט, ביז דעם באַרג פֿון גאָט, חורב:
9 און ער איז דאָרטען געקומען אין
אַ הײל, און ער האָט דאָרטען גע־
נעכטיגט, און זעה, דאָס װאָרט, פֿון
דעם האַר איז געקומען צו איהם
און האָט געזאָגט, װאָס האָסט דו
דאָ צו טהון אליהו?
10 און ער האָט געזאָגט, איך האָב
געאײפֿערט װעגען דעם האַר, דעם
גאָט פֿון צבאות, װאָרין די קינדער
פֿון ישראל האָבען דײַן בונד פֿערלאָזען,
דײַנע מזבחות האָבען זײא צערבראָכען,
און דײַנע נביאים האָבען זײא
געטײט מיט דעם שװערט, און איך
אַלײן בין איבערגעבליבען, און זײא
װילען מײַן לעבען (אויך) אַװעקנעמען:
11 און ער האָט געזאָגט, גײא
אַרויס, און דו זאָלסט זיך שטעלען
אויף דעם באַרג פֿאַר דעם האַר, און
זעה, דער האַר איז אַריבערגעגאַנגען,
און אַ גרױסער און שטאַרקער
װינד האָט צוריסען די בערג, און
צערבראָכען די פֿעלזען פֿאַר דעם
האַר, אָבער דער האַר איז ניט געװעזען
אין דעם װינד; און נאָך דעם װינד
(איז געקומען) אַ שטורעם, אָבער דער
האַר איז ניט געװעזען אין דעם שטורעם:
12 און נאָך דעם שטורעם (איז
געקומען) אַ פֿײער, אָבער דער האַר
איז ניט געװעזען אין דעם פֿײער; און
נאָך דעם פֿײער (איז געקומען) אַ
שטילע זאַנפֿטע שטימע:
13 און עס איז געװעזען, אַלס
אליהו האָט עס דערהערט, האָט ער
פֿערהילט זײַן אָנגעזיכט מיט זײַן מאַנ־
טעל, און ער איז אַרויסגעגאַנגען,
און האָט זיך געשטעלט אין די טהיר
פֿון דער הײל, און זעה, עס איז
צו איהם געקומען אַ קול, און האָט
געזאָגט, װאָס האָסט דו דאָ צו טהון
אליהו?

און

14 אונד ער האט געזאגט, איך האב
מיך געאייפערט וועגען דעם הער, דעם
גאט פון צבאות, ווייל דיא קינדער פון
ישראל האבען דיין בונד פערלאזען,
דיינע מזבחות האבען זייא צערבראכען,
אונד דיינע נביאים האבען זייא דערד־
שלאגען מיט דעם שווערט, אונד איך
בין אליין איבערגעבליבען, אונד זייא
ווילען מיין לעבען אויך אוועק נעמען:
15 אונד דער הער האט צו איהם
געזאגט, גייא, קעהר דיך צוריק צו
דיין וועג, דורך דיא מדבר נאך דמשק,
אונד דוא זאלסט קומען אונד דוא
זאלסט זאלבען חזאל, אלס א מלך איבער
ארם:
16 אונד יהוא בן נמשי זאלסט דוא
זאלבען פאר א קעניג איבער ישראל,
אונד אלישע בן שפט פון אבל מחולה,
זאלסט דוא זאלבען פאר איין נביא
אנשטאט דיר:
17 אונד עס וועט זיין, ווער עס וועט
ענטרונען ווערען פון חזאל'ס שווערד
דעם וועט יהוא טייטען, אונד דער
וואס וועט ענטרונען ווערען פון יהוא'ס
שווערד, דעם וועט אלישע טייטען:
18 אונד איך וועל לאזען איבער־
בלייבען אין ישראל זיבען טויזענד,
אלע דיא קניען, וואס האבען זיך ניט
געקניעט צו דעם בעל, אונד אלע
מיילער וואס האבען איהם ניט גע־
קישט:
19 אונד ער איז פון דארטען אוועק־
גענאנגען אונד ער האט געפונען דעם
אלישע בן שפט אונד ער האט געאקערט,
צוועלף פאר אקסען זענען פאר איהם
געגאנגען, אונד ער וואר ביי דיא
צוועלפטע, אונד אליהו איז פאר איהם
פארבייגעגאנגען, אונד ער האט
זיין מאנטעל צו איהם געווארפען:
20 אונד ער האט פערלאזען דיא
רינדער, אונד ער איז אליהו נאכ־
געלאפען אונד ער האט געזאגט, לאז
מיך דאך מיין פאטער אונד מיינע
מוטער קישען, אזוי וועל איך דיר נאכ־
גיין, אונד ער האט געזאגט גייא,
אינד קום צוריק, וואָרין וואס האב
איך מיט דיר צו טהון?
21 אונד ער האט זיך אומגעקעהרט
פון איהם; אונד האט גענומען דיא
פאר רינדער, אונד האט זייא גע־
שאכטען, אונד מיט דיא כלים וואס
זענען געוועזען אויף דיא רינדער האט
ער דאס פלייש געקאכט, אונד ער האט
עס געגעבען צו דעם פאלק, אונד
זייא האבען געגעסען; אונד ער איז
אויפגעשטאנען אונד איז געגאנגען נאך
אליהו, אונד ער האט איהם בעדינט:

## קאפיטעל כ

1 אונד בן הדד דער קעניג פון ארם,
האט פערזאמעלט זיין גאנצעס חיל,
אונד צוויא אונד דרייסיג קעניגע
זענען מיט איהם געוועזען, אויך פערד
אונד רייטוועגען; אונד ער איז ארויפ־
געגאנגען אונד האט זיך בעלאגערט
קעגען שמרון, אונד האט קעגען איהר
געשטריטען:
2 אונד ער האט געשיקט שלוחים
צו אחאב דעם קעניג פון ישראל, אין
דיא שטאט אריין:
3 אונד ער האט צו איהם געזאגט;
אזוי האט בן הדד געזאגט, דיין זילבער
אונד דיין גאלד איז מיין, אונד דיינע
ווייבער אונד דיינע בעסטע קינדער
זענען אויך מיין:

4 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין
הַאר קֶענִיג, אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט גֶער־
רֶעט, אִיךְ בִּין דֵיין, אוּנְד אַלֶעס וָואס
אִיךְ הָאבּ :
5 אוּנְד דִיא שְׁלוּחִים זֶענֶען צוּרִיק
גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
אַזוֹי הָאט בֶּן הֲדַד גֶעזָאגְט, צוּ זָאגֶען,
וַוייל אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט צוּ
זָאגֶען, דֵיין זִילְבֶּער אוּנְד דֵיין גָאלְד,
אוּנְד דֵיינֶע וַוייבֶּער אוּנְד דֵיינֶע זִיהְן
זָאלְסְט דוּא מִיר גֶעבֶּען :
6 אַזוֹי וֶועל אִיךְ מָארְגֶען שִׁיקֶען צוּ
דִיר מֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
זוּכֶען אִין דֵיין הויז, אוּנְד אִין דִיא
הֵייזֶער פוּן דֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד עֶס
וֶועט זַיין אַז אַלֶעס וָואס דִיר אִיז לִיבּ
וֶועלֶען זֵייא טְהוּן אִין זֵייעֶרֶע הֶענְד,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען עֶס צוּנֶעמֶען :
7 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט
גֶערוּפֶען צוּ אַלֶע עֶלְטְסטֶע פוּן דֶעם
לַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶערְ־
קֶענְט אוּנְד זֶעהְט, דָאס עֶר זוּכְט נָאר
שְׁלֶעכְטֶעס, וָוארִין עֶר הָאט צוּ
מִיר גֶעשִׁיקְט, אוּם מֵיינֶע וַוייבֶּער אוּנְד
מֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד אוּם מֵיין זִילְבֶּער
אוּנְד מֵיין גָאלְד, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם
נִיט גֶעוֶועהְרְט :
8 אוּנְד אַלֶע אַלְטֶע (לֵייטֶע) הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אוּנְד אוֹיךְ דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק, דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט
הֶערֶען, אוּנְד נִיט צוּלָאזֶען :
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
שְׁלוּחִים פוּן בֶּן הֲדַד, זָאגְט צוּ מֵיין
הַאר דֶעם קֶענִיג, אַלֶעס וָואס דוּא
הָאסְט צוּעֶרְשְׁט גֶעשִׁיקְט צוּ דֵיין
קְנֶעכְט, וֶועל אִיךְ טְהוּן, אָבֶּער דִיא
דָאזִיגֶע זַאךְ קֶען אִיךְ נִיט טְהוּן, אוּנְד
דִיא שְׁלוּחִים זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אֵיין
עֶנְטְפֶער :
10 אוּנְד בֶּן הֲדַד הָאט צוּ אִיהְם
גֶעשִׁיקְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי
זָאלֶען מִיר דִיא גֶעטֶער טְהוּן, אוּנְד
אַזוֹי זָאלֶען זֵייא מִיר מֶעהְר טְהוּן,
אוֹיבּ דֶער שְׁטוֹיבּ וֶועט גֶענוּג זַיין
פוּן שֹׁמְרוֹן צוּ דִיא הוֹיפֶענְס פוּן דֶעם
גַאנְצֶען פָאלְק וָואס זֶענֶען מִיט מִיר :
11 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
זָאגְט, דָאס עֶס זָאל זִיךְ נִיט רִיהְמֶען
דֶער וָואס גִירְטֶעט אָן (דָאס שְׁוֶוערְט)
אַזוֹי וִויא דֶער וָואס בִּינְדֶעט אוֹיף :
12 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען עֶר
הָאט גֶעהֶערְט דִיא דָאזִיגֶע רֵייד, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעטְרוּנְקֶען מִיט דִיא קֶענִיגֶע
אִין דִיא גֶעצֶעלְטֶען, אַזוֹי הָאט עֶר
גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט, טְהוּט אֵייךְ
אָנְבְּרֵייטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער
דֶער שְׁטָאט גֶעלַאגֶערְט :
13 אוּנְד זֶעה, אֵיין נָבִיא הָאט זִיךְ
גֶענֶעהְנְט צוּ אַחְאָב דֶעם קֶענִיג פוּן
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט
דֶער הַאר גֶעזָאגְט, הָאסְט דוּא גֶע־
זֶעהֶען דִיא דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶען פֶערְ־
זַאמְלוּנְג ? זֶעה, אִיךְ אִיבֶּערְגֶעבּ דִיר
אִיהְם הֵיינְט אִין דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד
דוּא וֶועסְט דֶערְקֶענֶען אַז אִיךְ בִּין
דֶער הַאר :
14 אוּנְד אַחְאָב הָאט גֶעזָאגְט, דוּרְךְ
וֶועמֶען ? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי
הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, דוּרְךְ דִיא
יוּנְגֶען פוּן דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא
מְדִינוֹת, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער

זָאל דִיא מִלְחָמָה שְׁפַּאנֶען ? אַזוֹי הָאט
עֶר גֶעזָאגְט, דוּא :
15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעצֵיילְט דִיא יוּנְגֶען
פוּן דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא מְדִינוֹת,
אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְוֵוייא
הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוֵוייא אוּנְד דְרַייסִיג,
אוּנְד נָאךְ זַייא הָאט עֶר גֶעצֵיילְט דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק, אַלֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
זִיבֶּען טוֹיזֶענְד :
16 אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אִין מִיטֶען טָאג, אוּנְד בֶּן הֲדַד הָאט
גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְ־
גֶעשִׁיכֹּרְת אִין דִיא גֶעצֶעלְטֶען, עֶר מִיט
דִיא קֶענִיגֶע, צְוֵוייא אוּנְד דְרַייסִיג
קֶענִיגֶע וָואס זֶענֶען אִיהְם צוּ הִילְף גֶע־
קוּמֶען :
17 אוּנְד דִיא יוּנְגֶען פוּן דִיא אוֹיבֶּערְ־
שְׁטֶע פוּן דִיא מְדִינוֹת זֶענֶען אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען צוּם עֶרְשְׁטֶען, אוּנְד בֶּן הֲדַד
הָאט אוֹיךְ אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ זָא־
גֶען, מֶענְשֶׁען זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן
שֹׁמְרוֹן :
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אוֹיבּ זַייא
זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען וֶועגֶען פְרִידֶען,
חַאפְּט זַייא לֶעבֶּעדִיג, אוּנְד אוֹיבּ
זַייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען וֶועגֶען
מִלְחָמָה, חַאפְּט זַייא אוֹיךְ לֶעבֶּעדִיג :
19 אָבֶּער דִיא דָאזִיגֶע יוּנְגֶען פוּן דִיא
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא מְדִינוֹת זֶענֶען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דָאס חַיִל הִינְטֶער
זַייא :
20 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען
אִיטְלִיכֶען וָואס אִיז אִיהְם אֶנְטְקֶעגֶען
גֶעקוּמֶען ; אוּנְד אֲרָם אִיז אֶנְטְלָאפֶען
גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
זַייא נָאכְגֶעיָאגְט, אוּנְד בֶּן הֲדַד דֶער
מֶלֶךְ פוּן אֲרָם אִיז אֶנְטְרוּנֶען גֶעוָוארֶען
מִיט פֶערְד אוּנְד רֵייטְוָואגֶען :
21 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
שְׁלָאגֶען דִיא פֶערְד אוּנְד רֵייטְוָואגֶען,
דָאס עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען אִין אֲרָם אַ
גְרוֹיסֶען שְׁלָאג :
22 אוּנְד דֶער נָבִיא הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶנְט
צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא, אוּנְד שְׁטַארְק
דִיךְ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט וִויסֶען אוּנְד
זֶעהְן וָואס דוּא הָאסְט צוּ טְהוּן, וָוארִין
אִין אַ יָאהְר אַרוּם וֶועט דֶער מֶלֶךְ
פוּן אֲרָם וִוידֶער קֶעגֶען דִיר אַרוֹיפְגֵיין :
23 וֵוייל דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ
פוּן אֲרָם הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
זַיירֶע גֶעטֶער זֶענֶען גֶעטֶער אִיבֶּער
בֶּערְג, דָארוּם הָאבֶּען זַייא זִיךְ
גֶעשְׁטַארְקְט אִיבֶּער אוּנְס, אָבֶּער וֶוען
מִיר וֶועלֶען מִיט זַייא שְׁטְרַייטֶען אוֹיף
אַ גְלַייכֶען פְּלַאץ, וֶועלֶען מִיר גֶעווִיס
שְׁטַארְקֶער זַיין פוּן זַייא :
24 אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן דִיא דָאזִיגֶע
זַאךְ, דוּא זָאלְסְט אָפְּשַׁאפֶען דִיא מְלָכִים
אִיטְלִיכֶען פוּן זַיינֶע שְׁטֶעלֶע, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט אָנְשְׁטֶעלֶען הַארֶען אַנְשְׁטָאט
זַייא :
25 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צֵיילֶען אַ חַיִל,
וִויא דָאס חַיִל וָואס דוּא הָאסְט פַארְ־
לוֹירֶען, אוּנְד פֶערְד אוּנְד וָואגֶען, וִויא
יֶענֶע פֶערְד אוּנְד וָואגֶען, אוּנְד מִיר
וֶועלֶען מִיט זַייא שְׁטְרַייטֶען אוֹיף אַ
גְלַייכֶען פְּלַאץ, מִיר וֶועלֶען גֶעווִיס
שְׁטַארְקֶער זַיין וִויא זַייא, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעהָארְכְט צוּ זַיירֶע שְׁטִימֶע, אוּנְד עֶר
הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן :
26 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אֵיין

יָאהֶר אֲרוּם, הָאט בֶּן הֲדַד גֶעצֵיילְט
אֲרָם, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ
אֲפֵק, צוּ שְׁטְרֵייטֶען מִיט דִיא יִשְׂרָאֵל:
27 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
זִיךְ אוֹיךְ גֶעצֵיילְט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ
פֶערְזָארְגְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען זֵייא עֶנְטְ־
קֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא קִינְדֶער
פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ קֶעגֶען זֵייא
גֶעלַאגֶערְט וִויא צְוֵוייא קְלֵיינֶע סְטַאדֶעס
צִיגֶען, אָבֶּער אֲרָם הָאבֶּען פוּל גֶע־
מַאכְט דָאס לַאנְד:
28 אוּנְד אַ גֶעטְלִיכֶער מַאן הָאט זִיךְ
גֶענֶעהֶנְט, אוּנְד הָאט גֶערֶעט צוּ דֶעם
מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זָאגְט, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט,
ווייל אֲרָם הָאט גֶעזָאגְט, דָאס דֶער
הַאר אִיז אַ גָאט אִיבֶּער בֶּערְג, אוּנְד
נִיט קֵיין גָאט אִיבֶּער טְהָאלֶען, אַזוֹי וֶועל
אִיךְ דִיא דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג
גֶעבֶּען אִין דֵיינֶע הַאנְד, דָאס אִיהְר
וֶועט וִויסֶען דָאס אִיךְ בִּין דֶער הַאר:
29 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט
אֵיינֶער קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן זִיבֶּען טֶעג,
אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַן דֶעם
זִיבֶּענְטֶען טָאג הָאט זִיךְ דִיא מִלְחָמָה
גֶענֶעהֶנְט, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען פוּן אֲרָם הוּנְדֶערְט
טוֹיזֶענְד פוּסְגֵייעֶר אִין אֵיין טָאג:
30 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זֶענֶען עֶנְטְ־
לָאפֶען נָאךְ אֲפֵק, אִין דֶער שְׁטָאט,
אוּנְד דִיא מוֹיעֶר אִיז אֵיינְגֶעפַאלֶען
אוֹיף דִיא אִיבְּרִיגֶע זִיבֶּען אוּנְד צְוַואנְצִיג
טוֹיזֶענְד מַאן, אוּנְד בֶּן הֲדַד אִיז עֶנְטְ־
לָאפֶען, אוּנְד אִיז אַרֵיין גֶעקוּמֶען אִין
דִיא שְׁטָאט אַרֵיין, פוּן אֵיין קַאמֶער אִין
דִיא אַנְדֶערֶע אַרֵיין:
31 אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, מִיר הָאבֶּען גֶע־
הֶערְט, דָאס דִיא מְלָכִים פוּן דֶעם
הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען בַּארֶעמְהֶערְ־
צִיגֶע קֶענִיגֶע, אוּנְד מִיר וֶועלֶען אָנְטְהוּן
זֶעק אוּם אוּנְזֶערֶע לֶענְדֶען אֲרוּם, אוּנְד
שְׁטְרִיק אוּם אוּנְזֶערֶע קֶעפּ, אוּנְד מִיר
וֶועלֶען אַרוֹיסְגֵיין צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן
יִשְׂרָאֵל, טָאמֶער וֶועט עֶר דִיךְ לָאזֶען
לֶעבֶּען:
32 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעגוּרְט זֶעק
אוּם זֵיירֶע לֶענְדֶען אֲרוּם, אוּנְד שְׁטְרִיק
אוּם זֵיירֶע קֶעפּ, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל
זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֵיין קְנֶעכְט בֶּן־
הֲדַד הָאט גֶעזָאגְט, לָאז דָאךְ מֵיינֶע
זֶעלֶע לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, לֶעבְּט עֶר נָאךְ? עֶר אִיז
מֵיין בְּרוּדֶער:
33 אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען הָאבֶּען עֶס
גֶעמַאכְט אַ צֵייכֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אֵיילֶענְדִיג גֶענוּמֶען דָאס וָוארְט פוּן
אִיהְם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, יָא,
דֵיין בְּרוּדֶער אִיז בֶּן הֲדַד, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, קוּמְט אוּנְד בְּרֶענְגְט אִיהְם;
אוּנְד בֶּן הֲדַד אִיז צוּ אִיהְם אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעלָאזֶען
אַרוֹיפְגֵיין אוֹיף דֶעם וָואגֶען:
34 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דִיא שְׁטֶעט וָואס מֵיין פָאטֶער הָאט
צוּגֶענוּמֶען בֵּייא דֵיין פָאטֶער וֶועל אִיךְ
דִיר צוּרִיקְגֶעבֶּען, אוּנְד דוּא וֶועסְט
מַאכֶען גַאסֶען אִין דַמֶּשֶׂק, וִויא מֵיין
פָאטֶער הָאט גֶעמַאכְט אִין שֹׁמְרוֹן,
אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מִיט אַ בּוּנְד
אָפְּשִׁיקֶען, אוּנְד עֶר הָאט מִיט אִיהְם
אַ בּוּנְד גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט אִיהְם
אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט:

35 אוּנְד אַ מַאן פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא נְבִיאִים הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין פְרַיינְד דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, שְׁלָאג מִיךְ דָאךְ, אָבֶּער דֶער מֶענְשׁ הָאט אִיהְם נִיט גֶעוָואלְט שְׁלָאגֶען:

36 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, ווייל דוּא הָאסְט נִיט גֶעהָארְכְט צוּ דִיא שְׁטִים פוּן דֶעם הַאר, זֶעה, וָוען דוּא וֶועסְט פוּן מִיר אַוֶועקְגֵיין אַזוֹי וֶועט דִיךְ אַ לֵייבּ דֶערְשְׁלָאגֶען, אוּנְד אַלְס עֶר אִיז פוּן אִיהְם אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, הָאט אִיהְם דֶער לֵייבּ גֶעפוּנֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם דֶערְשְׁלָאגֶען:

37 אוּנְד עֶר הָאט גֶעפוּנֶען אַן אַנְדֶערְן מֶענְשׁ, אוּנְד עֶר הָאט (צוּ אִיהְם) גֶעזָאגְט, דֶערְשְׁלָאג מִיךְ דָאךְ, אוּנְד דֶער מֶענְשׁ הָאט אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, מִיט שְׁלֶעג אוּנְד וָואוּנְדֶען:

38 אוּנְד דֶער נָבִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פַאר דֶעם מֶלֶךְ אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ פֶערְשְׁטֶעלְט דוּרְךְ אַ דֶעקֶע אוֹיף זַיינֶע אוֹיגֶען:

39 אוּנְד אַלְס דֶער מֶלֶךְ אִיז פַארְ־אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר גֶעשְׁרִיעֶן צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דַיין קְנֶעכְט אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד זֶעה, אַ מֶענְשׁ הָאט אָפְּגֶעטְרֶעטֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט צוּ מִיר אַ מַאן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט הִיטֶען דֶעם דָאזִיגֶען מַאן, אוּנְד אוֹיבּ עֶר וֶועט פֶעהְלֶען, אַזוֹי זָאל דַיינֶע זֶעלֶע זַיין אַנְשְׁטָאט זַיינֶע זֶעלֶע, אָדֶער דוּא זָאלְסְט בֶּעצָאלֶען אַ צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער:

40 אוּנְד אַלְס דַיין קְנֶעכְט הָאט צוּ טְהוּן גֶעהַאט דָא אוּנְד דָארְט, אִיז עֶר נִיט (מֶעהְר) דָא גֶעוֶועזֶען. אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דַיין אוּרְטְהֵייל אִיז וָואס דוּא הָאסְט אַלֵיין אוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאכֶען:

41 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעאֵיילְט אוּנְד אַרוּפְגֶענֶעמְהוּן דִיא דֶעקֶע פוּן זַיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט אִיהְם דֶערְקָאנְט דָאס עֶר אִיז אֵיינֶער פוּן דִיא נְבִיאִים:

42 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, ווייל דוּא הָאסְט מֵיין פֶערְווִיסְטֶען מַאן פְרֵייא גֶעשִׁיקְט פוּן דֵיינֶע הַאנְד, וֶועט דֵיינֶע זֶעלֶע זַיין אַנְשְׁטָאט זַיינֶע זֶעלֶע, אוּנְד דַיין פָאלְק אַנְשְׁטָאט זַיין פָאלְק:

43 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין הוֹיז פֶערְדְרִיסְלִיךְ אוּנְד אוּנְמוּטְהִיג, אוּנְד עֶר אִיז גֶע־קוּמֶען נָאךְ שֹׁמְרוֹן:

## קאפּיטעל כא

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען, אוּנְד נָבוֹת הַיִזְרְעֶאלִי הָאט גֶעהַאט אַ ווייַנְגָארְטֶען אִין יִזְרְעֶאל נֶעבֶּען דֶעם פַּאלַאסְט פוּן אַחְאָב דֶעם מֶלֶךְ פוּן שֹׁמְרוֹן:

2 אוּנְד אַחְאָב הָאט גֶערֶעט מִיט נָבוֹת, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גִיבּ מִיר דֵיין ווייַנְגָארְטֶען, אוּנְד עֶר וֶועט מִיר זַיין צוּ אַ גְרִינְגָארְטֶען, וָוארִין עֶר אִיז נָא־הֶענְט צוּ מֵיין הוֹיז, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר דֶערְפַאר גֶעבֶּען אַ בֶּעסֶערֶען ווייַנְגָארְטֶען פוּן אִיהְם, אָדֶער אוֹיבּ עֶס גֶעפֶעלְט דִיר, וֶועל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען וִויא פִיל עֶר אִיז וֶוערְט:

3 אוּנְד נָבוֹת הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַחְאָב, (חָלִילָה) יְהוָֹה בֶּעוָואהְרֶע מִיךְ דָאס אִיךְ

זָאל דִיר גֶעבֶּען דִיא יְרוּשָׁה פוּן מֵיינֶע
עֶלְטֶערְן׃
4 אוּנְד אַחְאָב אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זַיין
הויז פֶערְדְרִיסְלִיךְ אוּנְד אוּנְמוּטְהִיג,
וֶועגֶען דֶעם וָוארְט וָואס נָבוֹת הַיִזְרְעֶאלִי
הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט, וֵוייל עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל דִיר נִיט גֶעבֶּען דִיא
יְרוּשָׁה פוּן מֵיינֶע עֶלְטֶערְן. אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט אוֹיף זַיין בֶּעט, אוּנְד
הָאט אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט זַיין אָנְגֶעזִיכְט,
אוּנְד הָאט נִיט גֶעגֶעסֶען קֵיין בְּרוֹיט׃
5 אוּנְד זַיין וַוייבּ אִיזֶבֶל אִיז צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט מִיט אִיהְם גֶער־
רֶעט, וָואס אִיז דַיין גֶעמִיט פֶערְדְרִיסְ־
לִיךְ, אוּנְד דוּא עֶסְט נִיט קֵיין בְּרוֹיט?
6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
וֵוייל אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט מִיט נָבוֹת
הַיִזְרְעֶאלִי, אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, גִיבּ מִיר דַיין וַויינְגָארְטֶען פַאר
זִילְבֶּער, אָדֶער אוֹיבּ דוּא ווִילְסְט, וֶועל
אִיךְ דִיר אֵיין אַנְדֶערְן וַויינְגָארְטֶען גֶע־
בֶּען, אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וִויל
(אִיהְם) דִיר נִיט גֶעבֶּען׃
7 אוּנְד זַיין וַוייבּ אִיזֶבֶל הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, דוּא־מְהוּסְט דוּא יֶעצְט
רֶעגִירֶען אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, שְׁטֵייא
אוֹיף, אוּנְד עֶס בְּרוֹיט, אוּנְד לָאז
דַיין הַארְץ פוּן גוּטֶען מוּטְה זַיין, אִיךְ
וֶועל דִיר גֶעבֶּען דֶעם וַויינְגָארְטֶען פוּן
נָבוֹת הַיִזְרְעֶאלִי׃
8 אוּנְד זִיא הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען בְּרִיף
אִים נָאמֶען פוּן אַחְאָב, אוּנְד זִיא הָאט
פֶערְזִיגֶעלְט מִיט זַיין חוֹתָם, אוּנְד זִיא
הָאט דִיא בְּרִיף גֶעשִׁיקְט צוּ דִיא
עֶלְטְסְטֶע אוּנְד צוּ דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע
פוּן זַיינֶע שְׁטָאט, וָואס וְואוֹינֶען בֵּייא
נָבוֹת׃
9 אוּנְד זִיא הָאט אִין דִיא בְּרִיף גֶע־
שְׁרִיבֶּען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, רוּפְט אוֹיס אַ
פַאסְט טָאג, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נָבוֹת
זֶעצֶען אוֹיבֶּען אָן צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק׃
10 אוּנְד אִיהְר זָאלְט שְׁטֶעלֶען צְוֵוייא
שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען,
אוּנְד זֵייא זָאלֶען קֶעגֶען אִיהְם צֵייגֶען,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דוּא הָאסְט גֶעלֶעסְטֶערְט
גָאט, אוּנְד דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד זֵייא זָא־
לֶען אִיהְם אַרוֹיסְפִּיהְרֶען, אוּנְד זָאלֶען
אִיהְם שְׁטֵיינִיגֶען, דָאס עֶר זָאל
שְׁטַארְבֶּען׃
11 אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען פוּן זַיינֶע
שְׁטָאט, דִיא עֶלְטְסְטֶע, אוּנְד דִיא אוֹי־
בֶּערְשְׁטֶע וָואס וְואוֹינֶען אִין זַיינֶע
שְׁטָאט, הָאבֶּען גֶעטְהוּן וִויא עֶס אִיז
גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוֶועזֶען אִין דִיא בְּרִיף, וָואס
זִיא הָאט צוּ זֵייא גֶעשִׁיקְט׃
12 זֵייא הָאבֶּען אוֹיסְגֶערוּפֶען אַ
פַאסְט טָאג, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזֶעצְט
נָבוֹת אוֹיבֶּען אָן צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק׃
13 אוּנְד דִיא צְוֵוייא שְׁלֶעכְטֶע
מֶענְשֶׁען זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעצְט אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען,
אוּנְד דִיא שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען הָא־
בֶּען גֶעצֵייגְט אוֹיף נָבוֹת קֶעגֶען דֶעם
פָאלְק, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, נָבוֹת הָאט גֶע־
לֶעסְטֶערְט גָאט אוּנְד דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט
אוֹיס דֶער שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעשְׁטֵיינִיגְט מִיט שְׁטֵיינֶער, אוּנְד
עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען׃
14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט צוּ
אִיזֶבֶל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, נָבוֹת אִיז גֶע־
שְׁטֵיינִיגְט, אוּנְד עֶר אִיז טוֹיט׃
15 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס אִיזֶבֶל
הָאט גֶעהֶערְט, אַז נָבוֹת אִיז גֶע־

שְׁטֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר אִיז
טוֹיט, הָאט אִיזֶבֶל גֶעזָאגְט צוּ אַחְאָב,
שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד עֶרְבּ דֶעם ווייִנְ־
גָארְטֶען פוּן נָבוֹת הַיִזְרְעֶאלִי, וָואס עֶר
הָאט דִיר נִיט גֶעוָואלְט גֶעבֶּען פַאר
זִילְבֶּער, וָוארִין נָבוֹת לֶעבְּט שׁוֹין נִיט
מֶעהְר, נֵייעֶרְט עֶר אִיז טוֹיט:
16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס אַחְאָב
הָאט גֶעהֶערְט דָאס נָבוֹת אִיז טוֹיט,
אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּם אַרוּפְּצוּ־
גֵיין צוּ דֶעם ווייִנְגָארְטֶען פוּן נָבוֹת
הַיִזְרְעֶאלִי אוּם אִיהְם צוּ עֶרְבֶּען:
17 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר,
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אֵלִיָהוּ הַתִּשְׁבִּי, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען:
18 שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד גֵייא אַרוּפּ
עֶנְטְקֶעגֶען אַחְאָב דֶעם קֶענִיג פוּן
יִשְׂרָאֵל וָואס אִיז אִין שֹׁמְרוֹן, זֶעה עֶר
אִיז אִין דֶעם ווייִנְגָארְטֶען פוּן נָבוֹת וְואוּ
אַהִין עֶר אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען אִיהְם צוּ
עֶרְבֶּען:
19 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהְם רֶעדֶען,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר
גֶעזָאגְט, הָאסְט דוּא טוֹיט גֶעשְׁלָאגֶען,
אוּנְד ווִילְסְט דוּא אוֹיךְ יַרְשְׁנֶ'ן?
אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהְם רֶעדֶען אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶע־
זָאגְט, אִין דֶעם אָרְט וְואוּ דִיא הִינְט
הָאבֶּען גֶעלֶעקְט דָאס בְּלוּט פוּן נָבוֹת,
וֶועלֶען אוֹיךְ הִינְט דֵיין בְּלוּט לֶעקֶען:
20 אוּנְד אַחְאָב הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אֵלִיָהוּ, הָאסְט דוּא מִיךְ גֶעפוּנֶען, מֵיין
פֵיינְד? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ
הָאבּ (דִיךְ) גֶעפוּנֶען, ווייל דוּא הָאסְט
דִיךְ פֶערְקוֹיפְט צוּ טְהוּן דָאס שְׁלֶעכְטֶע
אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר:
21 זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג אוֹיף דִיר אֵיין
אוּנְגְלִיק, אוּנְד אִיךְ וֶועל נָאךְ דִיר
אוֹיסְקֶעהְרֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְ־
טִילִיגֶען צוּ אַחְאָב, אוֹיךְ דֶעם וָואס
פִּישְׁט אַן דִיא וַואנְד, אוּנְד דֶער וָואס
אִיז פֶערשְׁלָאסֶען, אוּנְד אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען
אוּנְטֶער יִשְׂרָאֵל:
22 אוּנְד אִיךְ וֶועל דֵיין הוֹיז מַאכֶען,
אַזוֹי וִויא דָאס הוֹיז פוּן יָרָבְעָם בֶּן נְבָט,
אוּנְד אַזוֹי וִויא דָאס הוֹיז פוּן בַּעְשָׁא
בֶּן אֲחִיָה, וֶועגֶען דֶעם צָארְן וָואס
דוּא הָאסְט דֶערְצָארְנְט, אוּנְד דוּא
הָאסְט גֶעמַאכְט זִינְדִיגֶען דִיא יִשְׂרָאֵל:
23 אוּנְד אוֹיךְ וֶועגֶען אִיזֶבֶל הָאט
דֶער הַאר גֶערֶעט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דִיא
הִינְד וֶועלֶען פְרֶעסֶען אִיזֶבֶל, אַן דִיא
מוֹיעֶר פוּן יִזְרְעֶאל:
24 וֶוער פוּן אַחְאָב וֶועט שְׁטַארְבֶּען אִין
דִיא שְׁטָאט, וֶועלֶען דִיא הִינְט פְרֶעסֶען,
אוּנְד דֶער וָואס וֶועט שְׁטַארְבֶּען אִין
דֶעם פֶעלְד, וֶועלֶען דִיא פֵייגֶעל פוּן
אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל פְרֶעסֶען:
25 אָבֶּער עֶס וַואר נִיט אֵיינֶער וִויא
אַחְאָב, וָואס הָאט זִיךְ פַארְקוֹיפְט צוּ
טְהוּן דָאס שְׁלֶעכְטֶע אִין דִיא אוֹיגֶען
פוּן דֶעם הַאר, ווייל זֵיין ווייבּ אִיזֶבֶל
הָאט אִיהְם פַארְפִיהְרְט:
26 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ זֶעהְר אוּנְ־
ווירְדִיג גֶעמַאכְט צוּ גֵיין נָאךְ דִיא גֶע־
צֶען, אַזוֹי וִויא אַלֶעס וָואס דֶער אֱמוֹרִי
הָאט גֶעטְהוּן, וָואס דֶער הַאר הָאט
פֶערְטְרִיבֶּען פַאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:
27 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס
אַחְאָב הָאט גֶעהֶערְט דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְ־
טֶער, הָאט עֶר זֵיינֶע קְלֵיידֶער צֶערִיסֶען,
אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעטְהוּן אַ זַאק אַן זֵיין
לֵייבּ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעפַאסְט, אוּנְד
עֶר הָאט אִין דֶעם זַאק גֶעשְׁלָאפֶען,

אונְד עֶר אִיז לַאנְגְזַאם אַרומְגֶעגַאנְגֶען׃
28 אונְד דָאס וָוארְט פון דֶעם הַאר אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אֵלִיָהוּ הַתִּשְׁבִּי אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
29 הָאסְט דוּא נִיט גֶעזֶעהֶען וִויא אַחְאָב הָאט זִיךְ פַאר מִיר אוּנְטֶערְ־גֶעגֶעבֶּען? ווייל עֶר הָאט זִיךְ פַאר מִיר גֶעדֶעמִיטִיגְט, וֶועל אִיךְ דָאס אוּנְגְלִיק נִיט בְּרֶענְגֶען אִין זַיינֶע צַייטֶען, אָבֶּער אִין דִיא צַייטֶען פון זַיין זוּהְן וֶועל אִיךְ דָאס אוּנגְלִיק בְּרֶענְגֶען אויף זַיין הויז׃

קאפיטעל כב

1 אונְד דְרַייא יָאהְר זֶענֶען זַייא גֶער־בְּלִיבֶּען, אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קַיין מִלְחָמָה צְוִוישֶׁען אֲרָם, אוּנְד צְווִישֶׁען יִשְׂרָאֵל׃
2 אונְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם דְרִיטֶען יָאהְר, אַזוֹי הָאט יְהוֹשָׁפָט דֶער קֶענִיג פון יְהוּדָה, אַרוּפְּגֶענִידֶערְט צוּ דֶעם קֶענִיג פון יִשְׂרָאֵל׃
3 אונְד דֶער קֶענִיג פון יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע קְנֶעכְט, ווייסְט אִיהְר נִיט דָאס רָמוֹת גִלְעָד גֶעהֶערְט צוּ אוּנְס? אונְד מִיר שְׁוַוייגֶען שְׁטִיל, אונְד נֶעמֶען זִיא נִיט אַרוֹיס פוּן דִיא הַאנְד פון דֶעם קֶענִיג פון אֲרָם׃
4 אונְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשָׁפָט, וֶועסְט דוּא גֵיין מִיט מִיר אויף דֶער מִלְחָמָה נָאךְ רָמוֹת גִלְעָד? אונְד יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם קֶענִיג פון יִשְׂרָאֵל, אִיךְ וֶועל זַיין וִויא דוּא, אונְד מֵיין פָאלְק וִויא דַיין פָאלְק, אונְד מֵיינֶע פֶערְד וִויא דַיינֶע פֶערְד׃
5 אונְד יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם קֶענִיג פון יִשְׂרָאֵל, פְרֶעג אָן הֵיינְט, דָאס וָוארְט פון דֶעם הַאר׃
6 אונְד דֶער קֶענִיג פון יִשְׂרָאֵל הָאט פֶערְזַאמֶעלְט דִיא נְבִיאִים פִיעֶר הוּנְדֶערְט מַאן, אונְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, זָאל אִיךְ גֵיין קֶעגֶען רָמוֹת גִלְעָד צוּ שְׁטְרַייטֶען, אָדֶער זָאל אִיךְ עֶס פֶערְ־מֵיידֶען? אונְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, גֵייא אַרויף, אונְד דֶער הַאר וֶועט (זִיא) גֶעבֶּען אִין דֶער הַאנְד פון דֶעם קֶענִיג׃
7 אונְד יְהוֹשָׁפָט הָאט אָבֶּער גֶעזָאגְט, אִיז דֶען נִיט נָאךְ מֶעהְר דָא אֵיין נָבִיא צוּ דֶעם הַאר דָאס מִיר זָאלֶען פון אִיהְם אָנְפְרֶעגֶען?
8 אונְד דֶער קֶענִיג פון יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשָׁפָט, עֶס אִיז נָאךְ דָא אֵיין מַאן, דוּרְךְ אִיהְם דֶעם הַאר אָנְ־צוּפְרֶעגֶען, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אִיהְם פֵיינְד, ווייל עֶר זָאגְט אויף מִיר קֵיין גוּטֶע נְבִיאוֹת, נֵייעֶרְט שְׁלֶעכְטֶעס, דָאס אִיז מִכָיְהוּ דֶער זוּהְן פון יִמְלָה, אונְד יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעזָאגְט, לָאז דָאךְ דֶער קֶענִיג נִיט אַזוֹי זָאגֶען׃
9 אונְד דֶער קֶענִיג פון יִשְׂרָאֵל הָאט גֶערוּפֶען אֵיין בֶּעדִינְטֶען, אונְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בְּרֶענְג גִיךְ מִיכָיְהוּ דֶעם זוּהְן פון יִמְלָה׃
10 אונְד דֶער קֶענִיג פון יִשְׂרָאֵל, אונְד יְהוֹשָׁפָט דֶער קֶענִיג פון יְהוּדָה, זֶענֶען גֶעזֶעסֶען יֶעדֶערֶער אויף זַיין שְׁטוּהְל, אָנְגֶעקְלֵיידֶעט אִין קְלֵיידֶער, אִין דֶער שֵׁייעֶר, אַן דֶעם אֵיינְגַאנְג פון דֶעם טוֹיעֶר פון שֹׁמְרוֹן, אונְד אַלֶע נְבִיאִים הָאבֶּען נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט פַאר זַייא׃
11 אונְד צִדְקִיָה דֶער זוּהְן פון כְּנַעֲנָה, הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַייזֶערְנֶע הֶערְנֶער, אונְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, דֶערְמִיט וֶועסְט דוּא שְׁטוֹיסֶען אֲרָם, בִּיז דוּא וֶועסְט זַייא פֶערְנִיכְטֶען׃

12 אוּנְד אַלֶע נְבִיאִים הָאבֶּען נְבִיאוּת גֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גֵייא אַרוֹיף קֶעגֶען רָמוֹת גִלְעָד, אוּנְד זַייא גְלִיקְלִיךְ, אוּנְד דֶער הַאר װֶעט זִיא גֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג:

13 אוּנְד דֶער שָׁלִיחַ װָאס אִיז גֶעגַאנְגֶען רוּפֶען מִכָיְהוּ, הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען; זֶעה, דִיא נְבִיאִים רֶעדֶען אַלֶע אֵיינשְׁטִימִיג, גוּט פַאר דֶעם קֶענִיג, אַזוֹי לָאז דָאךְ אוֹיךְ דַיין װָארְט זַיין, װִיא דָאס װָארְט פוּן אֵיינֶעם פוּן זַייא, אוּנְד דוּא זָאלְסְט גוּטֶעס רֶעדֶען:

14 אוּנְד מִכָיְהוּ הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי װָאהְר װִיא דֶער הַאר לֶעבְּט, דָאס װָאס דֶער הַאר װֶעט צוּ מִיר זָאגֶען, דָאס װֶעל אִיךְ רֶעדֶען:

15 אוּנְד אַלְס עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם קֶענִיג, הָאט דֶער קֶענִיג צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיכָיְהוּ, זָאלֶען מִיר גֵיין נָאךְ רָמוֹת גִלְעָד מִלְחָמָה צוּהַאלְטֶען, אָדֶער זָאלֶען מִיר פֶערְמֵיידֶען? אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא אַרוֹיף, אוּנְד זַייא גְלִיקְלִיךְ, װָארִין דֶער הַאר װֶעט זִיא גֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג:

16 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיז װִיא פִיל מָאל הָאבּ אִיךְ דִיךְ בֶּעשְׁװָארֶען דָאס דוּא זָאלְסְט צוּ מִיר נִיט רֶעדֶען, נָאר דִיא װָאהְרְהֵייט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר:

17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען גַאנְץ יִשְׂרָאֵל צֶערְשְׁפְּרֵייט אוֹיף דִיא בֶּערְג, װִיא שָׁאף װָאס הָאבֶּען נִיט קֵיין פַאסְטוּךְ, אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, דִיא דָאזִיגֶע הָאבֶּען נִיט קֵיין הַאר, לָאז זִיךְ אִיטְלִיכֶער צוּרִיקקֶעהְרֶען צוּ זַיין הוֹיז מִיט פְרִידֶען:

18 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשָׁפָט, הָאבּ אִיךְ דִיר דֶען נִיט גֶעזָאגְט דָאס עֶר זָאגְט נִיט גוּטֶע נְבִיאוּת אוֹיף מִיר, נֵייעֶרְט שְׁלֶעכְטֶע?

19 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דַארוּם הֶער דָאס װָארְט פוּן דֶעם הַאר, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דֶעם הַאר זִיצֶען אוֹיף זַיין שְׁטוּהְל, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע הֶערְשַׁארֶען פוּן דֶעם הִימֶעל שְׁטֵייעֶן בֵּייא אִיהְם, פוּן זַיינֶע רֶעכְטֶע זַייט, אוּנְד פוּן זַיינֶע לִינְקֶע זַייט:

20 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, װֶער װֶעט אִיבֶּערְרֶעדֶען אַחְאָב, דָאס עֶר זָאל אַרוֹיפְגֵיין, אַז עֶר זָאל פַאלֶען אִין רָמוֹת גִלְעָד? אוּנְד דֶער זָאגְט אַזוֹי, אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶע זָאגְט אַזוֹי:

21 אוּנְד דֶער גֵייסְט אִיז אַרוֹיס, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פַאר דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ װֶעל אִיהְם אִיבֶּערְרֶעדֶען, אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיט װָאס?

22 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ װֶעל אַרוֹיסְגֵיין, אוּנְד אִיךְ װֶעל זַיין אַ פַאלְשֶׁער גֵייסְט אִין דֶעם מוֹיל פוּן אַלֶע זַיינֶע נְבִיאִים, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט אִיהְם אִיבֶּערְרֶעדֶען, אוּנְד װֶעסְט עֶס אוֹיךְ קֶענֶען. גֵייא אַרוֹיס, אוּנְד טְהוּא אַזוֹי:

23 אוּנְד אַצוּנְד זֶעה, דֶער הַאר הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ פַאלְשֶׁען גֵייסְט אִין דֶעם מוֹיל פוּן אַלֶע דָאזִיגֶע דַיינֶע נְבִיאִים, אָבֶּער דֶער הַאר הָאט שְׁלֶעכְטֶעס אִיבֶּער דִיר גֶערֶעט:

24 אוּנְד צִדְקִיָהוּ דֶער זוּהְן פוּן כְּנַעֲנָה אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט מִיכָיְהוּ גֶעשְׁלָאגֶען אוֹיף דִיא בַּאקֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, װִיא אַזוֹי

אִיז דֶער גַייסְט פוּן דֶעם הַאר אִיבֶּערְ־
גֶעגַאנְגֶען פוּן מִיר, צוּ רֶעדֶען מִיט דִיר ?
25 אוּנְד מִיכָיְהוּ הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה,
דוּא וֶועסְט עֶס זֶעהֶן אִין יֶענֶעם טָאג, וֶוען
דוּא וֶועסְט קוּמֶען פוּן אֵיינֶע קַאמֶער אִין
דִיא אַנְדֶערֶע קַאמֶער דִיךְ צוּ בֶּעהַאלְטֶען׃
26 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט
גֶעזָאגְט, נֶעם מִיכָיְהוּ, אוּנְד בְּרֶענְג
אִיהְם צוּ אָמוֹן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן
דִיא שְׁטָאט, אוּנְד צוּ יוֹאָשׁ דֶעם זוּהְן
פוּן דֶעם מֶלֶךְ׃
27 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי הָאט
דֶער מֶלֶךְ גֶעזָאגְט, זֶעצְט דֶעם אֵיין
אִים גֶעפֶענְגֶענִיס, אוּנְד גִיבְּט אִיהְם
צוּעֶסֶען קִימֶערְלִיכֶעס בְּרוֹיט, אוּנְד
קִימֶערְלִיכֶעס וַואסֶער, בִּיז אִיךְ וֶועל מִיט
פְרִידֶען ווִידֶער קוּמֶען׃
28 אוּנְד מִיכָיְהוּ הָאט גֶעזָאגְט, אוֹיבּ
דוּא וֶועסְט מִיט פְרִידֶען ווִידֶער קוּמֶען,
אַזוֹי הָאט דֶער הַאר נִיט דוּרְךְ מִיר
גֶערֶעט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הֶערְט
צוּ, אַלֶע פֶעלְקֶער !
29 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד יְהוֹשָׁפָט דֶער מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה,
זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ רָמוֹת גִלְעָד׃
30 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט
גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשָׁפָט, פֶערְשְׁטֶעל דִיךְ,
אוּנְד קוּם אִין דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד דוּא
קְלֵייד אָן מֵיינֶע קְלֵיידֶער. אוּנְד דֶער
מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ אוֹיךְ פֶערְ־
שְׁטֶעלְט, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין
דֶער מִלְחָמָה אַרֵיין׃
31 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אֲרָם, הָאט
גֶעבָּאטֶען דִיא אוֹיבֶּערשְׁטֶע פוּן דִיא
רֵייטְוֶועגֶען, וָואס זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶע־
וֶועזֶען, צְוֵייא אוּנְד דְרֵייסִיג, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען ; אִיהְר זָאלְט נִיט שְׁטְרֵייטֶען
קֶעגֶען דֶעם קְלֶענְסְטֶען אָדֶער גְרֶעסְטֶען,
גַייעֶרְט מִיט דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל
אַלֵיין׃
32 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס דִיא
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא וֶועגֶען הָאבֶּען
דֶערְזֶעהֶען יְהוֹשָׁפָט, הָאבֶּען זֵייא גֶע־
זָאגְט דָאס עֶר אִיז דֶער מֶלֶךְ פוּן
יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ אָפְּ־
גֶעקֶעהְרְט אִיבֶּער אִיהְם צוּ שְׁטְרֵייטֶען,
אַזוֹי הָאט יְהוֹשָׁפָט גֶעשְׁרִיעֶן׃
33 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס דִיא
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא וֶועגֶען הָאבֶּען
דֶערְזֶעהֶן דָאס עֶר אִיז נִיט דֶער מֶלֶךְ
פוּן יִשְׂרָאֵל, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ פוּן הִינְטֶער
אִיהְם צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט׃
34 אוּנְד אַ מַאן הָאט דֶעם בּוֹיגֶען
גֶעשְׁפַּאנְט אוּנְגֶערְן, אוּנְד עֶר הָאט
דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל גֶעשְׁלָאגֶען
צְווִישֶׁען דִיא שׁוּפֶּען אוּנְד דֶעם פַּאנְצֶער,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיין פוּרְ־
מַאן, קֶעהְר אוּם דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד
פִיהְר מִיךְ אַרוֹיס פוּן דֶעם לַאגֶער,
וָוארִין אִיךְ בִּין פֶערְוואוּנְדֶעט׃
35 אוּנְד דִיא מִלְחָמָה הָאט זִיךְ גֶע־
שְׁטַארְקְט אִין יֶענֶעם טָאג, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ
אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם וָואגֶען עֶנְטְ־
קֶעגֶען אֲרָם, אוּנְד אִים אַבֶּענְד אִיז עֶר
גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד דָאס בְּלוּט הָאט
גֶעפְּלָאסֶען פוּן דֶער וְואוּנְד אִינְוֶוענְדִיג
אִין דֶעם וָואגֶען׃
36 אוּנְד מֶען הָאט גֶעלָאזְט אוֹיסְרוּ־
פֶען אִין דֶעם לַאגֶער אַלְס דִיא זוּן
אִיז אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
יֶעדֶערֶער זָאל גֵיין צוּ זֵיינֶע שְׁטָאט,
אוּנְד צוּ זֵיין לַאנְד׃
37 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט נָאךְ

שֹׁמְרוֹן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען דֶעם מֶלֶךְ
בֶּעגְרָאבֶּען אִין שֹׁמְרוֹן:
38 אוּנְר מֶען הָאט דֶעם וָואגֶען גֶע־
וַואשֶׁען, בֵּייא דֶעם טֵייךְ שֹׁמְרוֹן, אוּנְד
דִיא הִינְר הָאבֶּען גֶעלֶעקְט זַיין בְּלוּט,
אוּנְד מֶען הָאט דִיא כְּלֵי זַיִן גֶעוַואשֶׁען,
נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, וָואס עֶר
הָאט גֶערֶעט:
39 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
אַחְאָב, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט
גֶעטְהוּן, אוּנְד דָאס הויז פוּן עֶלֶע־
פַאנְדְבֵּיין וָואס עֶר הָאט גֶעבּוֹיט, אוּנְד
פוּן אַלֶע שְׁטֶעט וָואס עֶר הָאט גֶע־
בּוֹיט, זֶענֶען זַייא נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין
דֶעם בּוּךְ, פוּן דִבְרֵי הַיָמִים צוּ דִיא
קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל?
40 אוּנְד אַחְאָב הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט
מִיט זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד זַיין זוּהְן
אַחַזְיָהוּ הָאט רֶעגִירְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם:
41 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט דֶער זוּהְן פוּן אָסָא
הָאט רֶעגִירְט אִיבֶּער יְהוּדָה אִין דֶעם
פִירְטֶען יָאהְר פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל:
42 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען
פִינְף אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר, אַלְס עֶר אִיז
מֶלֶךְ גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט רֶע־
גִיעֶרְט פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר אִין
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זַיינֶע
מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען עֲזוּבָה דִיא טָאכְ־
טֶער פוּן שִׁלְחִי:
43 אוּנְד עֶר אִיז גֶענַאנְגֶען אִין אַלֶע
וֶועגֶען פוּן זַיין פָאטֶער אָסָא, אוּנְד
עֶר הָאט פוּן אִיהְם נִיט אוּמְגֶעקֶעהְרְט
אוּם צוּ טְהוּן וָואס אִיז רֶעכְטפֶערְטִיג
אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר:
44 נֵייעֶרְט דִיא בָּמוֹת הָאבֶּען זַייא
נִיט אָפְּגֶעשַׁאפְט, דָאס פָאלְק הָאט נָאךְ
גֶעשָׁאכְטֶען אוּנְד גֶערֵייכֶערְט אוֹיף דִיא
בָּמוֹת:
45 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט שָׁלוֹם גֶע־
מַאכְט מִיט דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל:
46 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען וֶועגֶען
יְהוֹשָׁפָט, אוּנְד פוּן זַיינֶע שְׁטַארְקֵייט וָואס
עֶר הָאט גֶעטְהוּן, אוּנְד וִויא עֶר הָאט
גֶעשְׁטְרִיטֶען, זֶענֶען זַייא נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען
אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דִבְרֵי הַיָמִים פוּן
דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה?
47 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע הוּרֶער, וָואס
זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אִין דִיא צֵייטֶען
פוּן זַיין פָאטֶער אָסָא, הָאט עֶר אוֹיסְ־
גֶערוֹימְט פוּן דֶעם לַאנְד:
48 אוּנְד אִין אֱדוֹם אִיז קֵיין מֶלֶךְ
נִיט גֶעוֶועזֶען, נֵייעֶרְט אַ שְׁטָאטְהַאלְטֶער
אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער רֶעגִירֶער:
49 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעלָאזְט מַא־
כֶען שִׁיפֶען אִין תַּרְשִׁישׁ, צוּ גֵיין נָאךְ
אוֹפִיר נָאךְ גָאלְד, אָבֶּער עֶר אִיז נִיט
גֶעגַאנְגֶען, וֵוייל דִיא שִׁיפֶען זֶענֶען
צֶערְבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען בֵּייא עֶצְיוֹן
גֶבֶר:
50 דַאמָאלְס הָאט אַחַזְיָהוּ דֶער זוּהְן
פוּן אַחְאָב גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשָׁפָט, לָאזֶען
מֵיינֶע קְנֶעכְט מִיט דֵיינֶע קְנֶעכְט גֵיין
אִין דִיא שִׁיפֶען, אָבֶּער יְהוֹשָׁפָט הָאט
נִיט גֶעוָואלְט:
51 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט
מִיט זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד עֶר אִיז בֶּע־
גְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען בֵּייא זַיינֶע עֶלְטֶערְן,
אִין דִיא שְׁטָאט פוּן זַיין פָאטֶער דָוִד,
אוּנְד זַיין זוּהְן יְהוֹרָם הָאט רֶעגִירְט
אַנְשְׁטָאט אִיהְם:
52 אַחַזְיָהוּ דֶער זוּהְן פוּן אַחְאָב הָאט
רֶעגִירְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אִין שֹׁמְרוֹן, אִין
דֶעם זִיבֶּענְצֶעהְנְטֶען יָאהְר פוּן יְהוֹשָׁפָט
דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט


רעגירט

רֶעגִירְט אִיבֶּער דִיא יִשְׂרָאֵל צְוֵייא
יָאהְר׃
53 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס
אִיז שְׁלֶעכְט, אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם
הַאר, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם
וֶועג פוּן זַיין פָּאטֶער אוּנְד אִין דֶעם
וֶועג פוּן זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד אִין דֶעם
וֶועג פוּן יָרָבְעָם בֶּן נְבָט, וָואס עֶר
הָאט גֶעמַאכְט זִינְדִיגֶען דִיא יִשְׂרָאֵל׃
54 אוּנְד עֶר הָאט גֶעדִינְט דֶעם בַּעַל,
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט,
אוּנְד עֶר הָאט דֶערְצָארְנְט דֶעם הַאר,
דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אַלֶעם אַזוֹי וִויא
זַיין פָּאטֶער הָאט גֶעטְהוּן׃

---

# מלכים ב

1 אוּנְד מוֹאָב הָאט וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט
אַן יִשְׂרָאֵל, נָאךְ דֶעם טוֹיט פוּן אַחְאָב׃
2 אוּנְד אַחַזְיָה אִיז אַרוּפְּגֶעפַאלֶען
דוּרְךְ דִיא שְׁוִוינְדֶעלטְרֶעפּ פוּן זַיינֶע
אוֹיבֶּערְשְׁטוּב, וָואס אִיז אִין שֹׁמְרוֹן,
אוּנְד עֶר אִיז קְרַאנְק גֶעוָוארֶען; אוּנְד
עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים, אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, גֵייט אוּנְד
פָארְשְׁט בַּייא דֶעם בַּעַל־זְבוּב דֶעם
גָאט פוּן עֶקְרוֹן, אוֹיבּ אִיךְ וֶועל גֶעזוּנְד
וֶוערֶען פוּן דִיזֶע מֵיינֶע קְרַאנְקְהֵייט׃
3 אוּנְד אֵיין מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר
הָאט גֶעזָאגְט צוּ אֵלִיָּהוּ הַתִּשְׁבִּי, שְׁטֵייא
אוֹיף אוּנְד גֵייא עֶנְטְקֶעגֶען דִיא שְׁלוּחִים
פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן שֹׁמְרוֹן, אוּנְד רֶעד
צוּ זַייא, אִיז דֶען נִיט דָא אֵיין גָאט
בַּייא דִיא יִשְׂרָאֵל, וָואס אִיהְר גֵייט צוּ
פָארְשֶׁען בַּייא בַּעַל־זְבוּב דֶעם גָאט
פוּן עֶקְרוֹן?
4 אוּנְד דַארִיבֶּער, אַזוֹי הָאט דֶער
הַאר גֶעזָאגְט, אוֹיף דֶעם בֶּעט וָואס
דוּא בִּיסְט אַרוּיפְגֶעגַאנְגֶען, וֶועסְט דוּא
דֶערְפוּן נִיט אַרוּפְּגֵיין, נֵייעֶרְט דוּא
וֶועסְט גֶעוִויס שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד אֵלִיָּהוּ
אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען׃
5 אוּנְד אַלְס דִיא שְׁלוּחִים הָאבֶּען זִיךְ
אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּ אִיהְם, הָאט עֶר צוּ
זַייא גֶעזָאגְט, וָואס בֶּעדַייטֶעט דָאס
וָואס אִיהְר הָאט אֵייךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט?
6 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, אֵיין מַאן אִיז אוּנְס עֶנְטְקֶעגֶען
אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אוּנְס
גֶעזָאגְט, גֵייט קֶעהְרְט אֵייךְ אוּם צוּ
דֶעם קֶענִיג, וָואס עֶר הָאט אֵייךְ גֶע־
שִׁיקְט, אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּ אִיהְם
רֶעדֶען, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט,
אִיז דֶען נִיט דָא אֵיין גָאט בַּייא יִשְׂרָאֵל,
וָואס דוּא שִׁיקְסְט צוּ פָארְשֶׁען בַּייא
בַּעַל־זְבוּב, דֶעם גָאט פוּן עֶקְרוֹן?
דַארוּם אוֹיף דֶעם בֶּעט וָואס דוּא בִּיסְט
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, וֶועסְט דוּא דֶערְפוּן
נִיט אַרוּפְּגֵיין, נֵייעֶרְט דוּא וֶועסְט
גֶעוִויס שְׁטַארְבֶּען׃
7 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶערֶעדְט,
וִויא אִיז דָאס אוֹיסְזֶעהֶען פוּן דֶעם
מַאן וָואס אִיז אֵייךְ עֶנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען,
אוּנְד הָאט צוּ אֵייךְ גֶערֶעדְט דִיא דָאזִיגֶע
וֶוערְטֶער?
8 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, עֶר אִיז אֵיין הָארִיגֶער מַאן,

אוּנְד אַיין לֶעדֶערְנֶער גַארְטֶעל, אִיז
אָנְגֶעגַארְטֶעלְט אַן זַיינֶע לֶענְדֶען, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז אֵלִיָהוּ
הַתִּשְׁבִּי׃
9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט,
אַיין אוֹיבֶּערשְׁטֶען אִיבֶּער פוּפְצִיג, אוּנְד
זַיינֶע פוּפְצִיג, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהְם, אוּנְד זֶעה, עֶר אִיז
גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם שְׁפִּיץ בַּארְג, אוּנְד
עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט, דוּא גֶעטְ־
לִיכֶער מַאן, דֶער קֶענִיג הָאט גֶעזָאגְט,
דוּא זָאלְסְט אַרוּפְּגֵיין׃
10 אוּנְד אֵלִיָהוּ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם אוֹי־
בֶּערשְׁטֶען פוּן דִיא פוּפְצִיג, אוֹיבּ אִיךְ
בִּין אַיין גֶעטְלִיכֶער מַאן, אַזוֹי זָאל
אַרוּפְּגֵיין אַיין פֵייעֶר פוּן הִימֶעל, אוּנְד
זָאל דִיךְ מִיט דַיינֶע פוּפְצִיג פֶער־
בְּרֶענֶען; אוּנְד אַיין פֵייעֶר אִיז אַרוּפּ
פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד הָאט אִיהְם
מִיט זַיינֶע פוּפְצִיג פֶערבְּרֶענְט׃
11 אוּנְד עֶר הָאט וִוידֶער גֶעשִׁיקְט צוּ
אִיהְם אַיין אַנְדֶערֶען אוֹיבֶּערשְׁטֶען
אִיבֶּער פוּפְצִיג, אוּנְד מִיט זַיינֶע פוּפְצִיג,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד עֶר
הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט, דוּא גֶעטְלִיכֶער
מַאן, אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט,
גֵייא גֶעשְׁוִוינְד אַרוּפּ׃
12 אוּנְד אֵלִיָהוּ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אוֹיבּ אִיךְ
בִּין אַיין גֶעטְלִיכֶער מַאן, אַזוֹי זָאל
אַרוּפְּגֵיין אַיין פֵייעֶר פוּן הִימֶעל, אוּנְד
זָאל דִיךְ מִיט דַיינֶע פוּפְצִיג פֶערבְּרֶענֶען;
אוּנְד אַ פֵייעֶר פוּן גָאט אִיז אַרוּפּ פוּן
הִימֶעל, אוּנְד הָאט אִיהְם, מִיט זַיינֶע
פוּפְצִיג פֶערבְּרֶענְט׃
13 אוּנְד עֶר הָאט וִוידֶער גֶעשִׁיקְט,
אַיין דְרִיטֶען אוֹיבֶּערשְׁטֶען אִיבֶּער
פוּפְצִיג, מִיט זַיינֶע פוּפְצִיג, אוּנְד דֶער
דְרִיטֶער אוֹיבֶּערשְׁטֶער אִיבֶּער פוּפְצִיג
אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶע־
קוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעקְנִיעֶט
אוֹיף זַיינֶע קְנִיעֶן קֶעגֶען אֵלִיָהוּ, אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד עֶר
הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט, אָ גֶעטְלִיכֶער
מַאן, לָאז דָאךְ טֵייעֶר זַיין מַיינֶע
זֶעלֶע, אוּנְד דִיא זֶעלֶע פוּן דַיינֶע
קְנֶעכְט, דִיזֶע פוּפְצִיג, אִין דַיינֶע
אוֹיגֶען׃
14 זֶעה, אַיין פֵייעֶר אִיז אַרוּפּ פוּן
הִימֶעל, אוּנְד הָאט פֶערבְּרֶענְט דִיא
צְווייא עֶרְשְׁטֶע אוֹיבֶּערשְׁטֶע אִיבֶּער
פוּפְצִיג, אוּנְד זַייעֶרע פוּפְצִיג, אוּנְד
אַצוּנְד, לָאז דָאךְ טֵייעֶר זַיין מַיינֶע זֶעלֶע
אִין דַיינֶע אוֹיגֶען׃
15 אוּנְד אַ מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר הָאט
גֶערֶעט צוּ אֵלִיָהוּ, גֵייא אַרוּפּ, צוּ
אִיהְם, דוּא זָאלְסְט פַאר אִיהְם נִיט מוֹרָא
הָאבֶּען, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּנְד אִיז מִיט אִיהְם אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ
דֶעם קֶענִיג׃
16 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט,
אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, וֵוייל דוּא
הָאסְט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ פְֿארְשֶׁען
בֵּייא בַּעַל זְבוּב דֶעם גָאט פוּן עֶקְרוֹן,
אִיז דֶען נִיט דָא אַ גָאט בֵּייא יִשְׂרָאֵל
צוּ פְֿארְשֶׁען אַן זַיין וָוארְט? דַארוּם
אוֹיף דֶעם בֶּעט וָואס דוּא בִּיסְט אַרוֹיף,
וֶועסְט דוּא דֶערְפוּן נִיט אַרוּפְּגֵיין,
נֵייעֶרְט דוּא וֶועסְט גֶעווִיס שְׁטַארְבֶּען׃
17 אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי
וִויא דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר וָואס
אֵלִיָהוּ הָאט גֶערֶעט, אוּנְד יְהוֹרָם הָאט
רֶעגִירְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם, אִין דֶעם


צווייטען

צְווייטֶען יָאהְר צוּ יְהוֹרָם דֶעם זוּהְן פוּן
יְהוֹשָׁפָט, דֶעם מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה, דֶען
עֶר הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיין זוּהְן:
18 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
אַחַזְיָהוּ, וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, זֶענֶען
זֵייא נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פוּן
דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל?

קאפּיטעל ב

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס דֶער
הַאר הָאט גֶעלָאזְט אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען
אֵלִיָּהוּ דוּרְךְ דֶעם שְׁטוּרֶעם אִין הִימֶעל,
אִיז אֵלִיָּהוּ אוּנְד אֱלִישָׁע אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
פוּן גִלְגָל:
2 אוּנְד אֵלִיָּהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אֱלִישָׁע, בְּלֵייבּ דָא, וָוארִין דֶער הַאר הָאט
מִיךְ גֶעשִׁיקְט בִּיז נָאךְ בֵּית־אֵל, אוּנְד
אֱלִישָׁע הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי וָואהְר וִויא
דֶער הַאר לֶעבְּט, אוּנְד דֵיינֶע זֶעלֶע
לֶעבְּט, דָאס אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט פֶערְ־
לָאזֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרוּפְּגֶע־
נִידֶערְט נָאךְ בֵּית־אֵל:
3 אוּנְד דִיא בְּנֵי הַנְּבִיאִים וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין בֵּית אֵל, זֶענֶען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ אֱלִישָׁע, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֵוייסְט דוּא
דָאס יְהֹוָה וֶועט הֵיינְט דֵיין הַאר
צוּנֶעמֶען פוּן דֵיין קָאפּ? אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֵוייס עֶס אוֹיךְ,
שְׁוֵוייגְט שְׁטִיל:
4 אוּנְד אֵלִיָּהוּ הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, פֶערְבְּלֵייבּ דָא, וָוארִין דֶער הַאר
הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט נָאךְ יְרִיחוֹ, אָבֶּער
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי וָואהְר וִויא
דֶער הַאר לֶעבְּט, אוּנְד דֵיינֶע
זֶעלֶע לֶעבְּט, דָאס אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט
פֶערְלָאזֶען; אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען
נָאךְ יְרִיחוֹ:
5 אוּנְד דִיא בְּנֵי הַנְּבִיאִים וָואס זֶענֶען
אִין יְרִיחוֹ, זֶענֶען צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ
אֱלִישָׁע, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, וֵוייסְט דוּא דָאס יְהֹוָה
וֶועט הֵיינְט דֵיין הַאר צוּנֶעמֶען פוּן
דֵיין קָאפּ? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
אִיךְ וֵוייס עֶס אוֹיךְ, שְׁוֵוייגְט שְׁטִיל:
6 אוּנְד אֵלִיָּהוּ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פֶערְבְּלֵייבּ דָא, וָוארִין דֶער הַאר הָאט
מִיךְ גֶעשִׁיקְט צוּ דֶעם יַרְדֵן, אָבֶּער עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי וָואהְר וִויא דֶער
הַאר לֶעבְּט, אוּנְד דֵיינֶע זֶעלֶע לֶעבְּט,
דָאס אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען;
אוּנְד זֵייא זֶענֶען בֵּיידֶע גֶעגַאנְגֶען:
7 אוּנְד פוּפְצִיג מֶענֶער פוּן דִיא בְּנֵי
הַנְּבִיאִים זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט קֶעגֶענְאִיבֶּער פוּן וֵוייטֶען,
אוּנְד זֵייא בֵּיידֶע זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען
בֵּייא דֶעם יַרְדֵן:
8 אוּנְד אֵלִיָּהוּ הָאט גֶענוּמֶען זֵיין
מַאנְטֶעל, אוּנְד הָאט אִיהְם צוּזַאמֶען
גֶעווִיקֶעלְט, אוּנְד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דָאס
וַואסֶער, אוּנְד דָאס וַואסֶער הָאט זִיךְ
צוּטְהֵיילְט אַהִין אוּנְד אַהֶער, אוּנְד זֵייא
בֵּיידֶע זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער
טְרִיקֶענִים:
9 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס זֵייא
זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען, הָאט אֵלִיָּהוּ גֶע־
זָאגְט צוּ אֱלִישָׁע, פֶערְלַאנְג וָואס אִיךְ
זָאל דִיר טְהוּן, אֵיידֶער אִיךְ וֶועל פוּן
דִיר צוּגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אוּנְד אֱלִישָׁע
הָאט גֶעזָאגְט, דָאס דֵיין גֵייסְט זָאל
אִין מִיר צְווייפֶעלְטִיג זֵיין:
10 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט
עֶפֶּעס שְׁוֶוערֶעס פֶערְלַאנְגְט, אָבֶּער וֶוען
דוּא וֶועסְט מִיךְ זֶעהֶען וִויא אִיךְ וֶועל
פוּן דִיר צוּגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אַזוֹי וֶועט

עֶס צוּ דִיר אַזוֹי זַיין, אוּנְד וֶוען נִיט,
וֶועט עֶס נִיט זַיין:
11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס זַייא
זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד גֶערֶעט, זֶעה, אַ
פֵייעֶרְדִיגֶער וָואגֶען אוּנְד פֵייעֶרְדִיגֶע
פֶערְד הָאבֶּען זַייא בֵּיידֶע פוּן אַנְדֶער
גֶעשֵׁיידֶעט, אוּנְד אֵלִיָהוּ אִיז דוּרְךְ אַ
שְׁטוּרֶעם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין הִימֶעל:
12 אוּנְד אֱלִישָׁע הָאט עֶס גֶעזֶעהֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיעֶן, מֵיין פָּאטֶער, מֵיין
פָּאטֶער, דֶער וָואגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד
זַיינֶע רֵייטֶער! אָבֶּער עֶר הָאט אִיהְם
נִיט מֶעהְר גֶעזֶעהֶען, אוּנְד עֶר הָאט
אָנְגֶענוּמֶען אָן זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד
הָאט זַייא צֶערְרִיסֶען אוֹיף צְווייא
שְׁטִיקֶער:
13 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם
מַאנְטֶעל פוּן אֵלִיָהוּ, וָואס אִיז פוּן
אִיהְם אַרָאפְּגֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶע־
שְׁטֶעלְט בֵּייא דֶעם בְּרֶעג פוּן דֶעם
יַרְדֵן:
14 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶענוּמֶען דֶעם
מַאנְטֶעל פוּן אֵלִיָהוּ, וָואס אִיז אַרָאפְּ־
גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דָאס
וַואסֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וְואוּ
אִיז דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן אֵלִיָהוּ?
אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעשְׁלָאגֶען דָאס
וַואסֶער, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ צוּטְהֵיילְט
אַהִין אוּנְד אַהֶער, אוּנְד אֱלִישָׁע אִיז
דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען:
15 אוּנְד דִיא בְּנֵי הַנְּבִיאִים וָואס זֶע־
נֶען גֶעוֶועזֶען אִין יְרִיחוֹ הָאבֶּען עֶס
קֶעגֶענְאִיבֶּער גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא
גֶעזָאגְט, דֶער גַייסְט פוּן אֵלִיָהוּ הָאט
גֶערוּהְט אוֹיף אֱלִישָׁע, אוּנְד זַייא זֶענֶען
אִיהְם אֶנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבּוּקְט, צוּ דֶער
עֶרְד:
16 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, זֶעה, עֶס אִיז דָא אוּנְטֶער דֵיינֶע
קְנֶעכְט פוּפְצִיג מֶענֶער, שְׁטַארְקֶע
לֵייט, זָאלֶען זַייא גֵיין, אוּנְד זוּכֶען דֵיין
הַאר? פִילֵייכְט הָאט אִיהְם דֶער גַייסְט
פוּן דֶעם הַאר אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען אוֹיף
אֵיינֶעם פוּן דִיא בֶּערְג, אָדֶער אִין
אֵיינֶעם פוּן דִיא טְהָאלֶען, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר זָאלְט נִיט שִׁיקֶען:
17 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם שְׁטַארְק
גֶעבֶּעטֶען, בִּיז עֶר הָאט זִיךְ גֶעשֶׁעמְט
(נִיט אֵיינְצוּוִוילִיגֶען) אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, שִׁיקְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶע־
שִׁיקְט פוּפְצִיג מֶענֶער, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען גֶעזוּכְט דְרֵייא טֶעג, אָבֶּער זַייא
הָאבֶּען אִיהְם נִיט גֶעפוּנֶען:
18 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיקְגֶע־
קֶעהְרְט צוּ אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען אִין יְרִיחוֹ, אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, הָאבּ אִיךְ דֶען
נִיט אֵייךְ גֶעזָאגְט, אִיהְר זָאלְט נִיט גֵיין?
19 אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען פוּן דִיא שְׁטָאט
הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ אֱלִישָׁע, זֶעה, עֶס
אִיז גוּט צוּ וְואוֹינֶען אִין דֵיינֶע שְׁטָאט,
אַזוֹי וִויא מֵיין הַאר זֶעהְט, אָבֶּער דָאס
וַואסֶער אִיז שְׁלֶעכְט, אוּנְד דָאס לַאנְד
אִיז אוּנְפְרוּכְטְבַּאר:
20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נֶעמְט
מִיר אַ נַייעֶ שִׁיסֶעל, אוּנְד לֵייגְט
דָארְטֶען אַרֵיין זַאלְץ, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
עֶס פַאר אִיהְם גֶעבְּרַאכְט:
21 אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, צוּ
דִיא וַואסֶער קְוֶועלֶע, אוּנְד הָאט דָארְ־
טֶען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען דָאס זַאלְץ, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר

גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעהֵיילְט דָאס
דָאזִיגֶע וַואסֶער, עֶס זָאל פוּן דָארְטֶען
נִיט מֶעהְר זַיין קֵיין טוֹיט, אָדֶער פֶערְ־
דַארְבּוּנְג :

22 אוּנְד דָאס וַואסֶער אִיז גֶעהֵיילְט
גֶעוָוארֶען, בִּיז צוּ דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג,
אַזוֹי וִויא דָאס וָוארְט פוּן אֶלִישָׁע, וָואס
עֶר הָאט גֶערֶעט :

23 אוּנְד עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען אַרוֹיפְּ־
גֶעגַאנְגֶען נָאךְ בֵּית אֵל, אוּנְד אַלְס
עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם וֶועג,
זֶענֶען קְלֵיינֶע יוּנְגֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעשְׁפָּאט
אִיבֶּער אִיהְם, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, קוּם אַרוֹיף דִיא קַאהְלְקָאפּ!
קוּם אַרוֹיף דִיא קַאהְלְקָאפּ!

24 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
אוּנְטֶער זִיךְ, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעזֶ־
עהְן, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעפְלוּכְט
אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד
צְוֵייא בֶּערֶען זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן
דֶעם וַואלְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פוּן זֵייא
צֶערִיסֶען צְוֵייא אוּנְד פִירְצִיג קִינְדֶער :

25 פוּן דָארְטֶען אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען צוּ
דֶעם בַּארְג כַּרְמֶל, אוּנְד פוּן דָארְטֶען
הָאט עֶר זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ
שֹׁמְרוֹן :

## קאפּיטעל ג

1 אוּנְד יְהוֹרָם דֶער זוּהְן פוּן אַחְאָב,
הָאט רֶעגִירְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אִין
שֹׁמְרוֹן, אִין דֶעם אַכְטְצֶעהְנְטֶען יָאהְר
פוּן יְהוֹשָׁפָט דֶעם מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה,
אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִירְט צְוֶועלְף יָאהְר :

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן, דָאס וָואס
אִיז שְׁלֶעכְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן
דֶעם הַאר, נָאר נִיט וִויא זַיין פָאטֶער
אוּנְד וִויא זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד עֶר הָאט
אָפְּגֶעשַׁאפְט דִיא מַצֵּבָה פוּן דֶעם בַּעַל
וָואס זַיין פָאטֶער הָאט גֶעמַאכְט :

3 אָבֶּער אִין דִיא זִינְד פוּן יָרָבְעָם
דֶעם זוּהְן פוּן נְבָט, וָואס עֶר הָאט
גֶעמַאכְט זִינְדִיגֶען דִיא יִשְׂרָאֵל, הָאט
עֶר זִיךְ בֶּעהֶעפְט, עֶר הָאט נִיט
אָפְּגֶעוֵוייכְט פוּן אִיהְר :

4 אוּנְד מֵישַׁע דֶער מֶלֶךְ פוּן מוֹאָב
הָאט גֶעהַאט פִיל פִיה, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל
הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פֶעטֶע שָׁאף, אוּנְד
הוּנְדֶערט טוֹיזֶענְד וִוידֶער מִיט וָואל :

5 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַלְס
אַחְאָב אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאט דֶער
מֶלֶךְ פוּן מוֹאָב וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט קֶעגֶען
דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל :

6 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ יְהוֹרָם אִיז אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען אִין יֶענֶעם טָאג פוּן שֹׁמְרוֹן,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעצֵיילְט גַאנְץ יִשְׂרָאֵל :

7 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַנְגֶען, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ יְהוֹשָׁפָט דֶעם מֶלֶךְ
פוּן יְהוּדָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער מֶלֶךְ
פוּן מוֹאָב הָאט אַן מִיר וִוידֶערְגֶע־
שְׁפֶּענִיגְט, וֶועסְט דוּא מִיט מִיר גֵיין
קֶעגֶען מוֹאָב מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען? אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אַרוֹיפְגֵיין.
אִיךְ בִּין וִויא דוּא, אוּנְד מֵיין פָאלְק וִויא
דֵיין פָאלְק, אוּנְד מֵיינֶע פֶערְד וִויא
דֵיינֶע פֶערְד :

8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּרְךְ
וֶועלְכֶען וֶועג זָאלֶען מִיר אַרוֹיפְגֵיין?
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּרְךְ דֶעם
וֶועג אִין דֶער מִדְבָּר אֶדוֹם :

9 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אוֹיךְ דֶער מֶלֶךְ פוּן
יְהוּדָה, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן אֶדוֹם. אוּנְד
אַלְס זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט

זִיבֶּען טֶעג רֵייזֶע, אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועֶ־
זֶען קֵיין וַואסֶער פַאר דֶעם לַאגֶער, אוּנְד
פַאר דֶעם פִיה וָואס גֵייעֶן מִיט זֵייא׃
10 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט
גֶעזָאגְט, אוֹי וֵייא! וָוארִין דֶער הַאר
הָאט גֶערוּפֶען דִיא דָאזִיגֶע דְרֵייא קֶעְ־
נִיגֶע, אוּם זֵייא צוּ אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין
דִיא הַאנְד פוּן מוֹאָב׃
11 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעזָאגְט, אִיז
דֶען נִיט דָא אַ נָבִיא צוּ דֶעם הַאר,
דָאס מִיר זָאלֶען דוּרְךְ אִיהְם אָנְפְרֶעגֶען
דֶעם הַאר? אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא
קְנֶעכְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
דָא אִיז אֱלִישָׁע דֶער זוּהְן פוּן שָׁפָט,
וָואס עֶר הָאט גֶעגָאסֶען וַואסֶער אוֹיף
דִיא הֶענְד פוּן אֵלִיָהוּ׃
12 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעזָאגְט, בֵּייא
אִיהְם אִיז דָא דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר, אוּנְד זֵייא זֶענֶען צוּ אִיהְם
אַרוּפְגֶענִידֶערְט, דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד יְהוֹשָׁפָט אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן
אֶדוֹם׃
13 אוּנְד אֱלִישָׁע הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאסְט דוּא מִיט
מִיר צוּ שַׁאפֶען? גֵייא צוּ דִיא
נְבִיאִים פוּן דֵיין פָאטֶער, אוּנְד צוּ דִיא
נְבִיאִים פוּן דֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד דֶער
מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
נֵיין, וָוארִין דֶער הַאר הָאט גֶערוּפֶען
צוּ דִיא דָאזִיגֶע דְרֵייא קֶענִיגֶע אוּם
זֵייא אִיבֶּערְצוּגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן
מוֹאָב׃
14 אוּנְד אֱלִישָׁע הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי
וָואהְר וִויא דֶער הַאר צְבָאוֹת לֶעבְּט,
וָואס אִיךְ בִּין פַאר אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען,
דָאס וֶוען אִיךְ וָואלְט נִיט גֶעאַכְט דָאס
אָנְגֶעזִיכְט פוּן יְהוֹשָׁפָט, דֶעם מֶלֶךְ פוּן
יְהוּדָה, אוֹיבּ אִיךְ הֶעט אוֹיף דִיר
גֶעוָואלְט קוּקֶען, אוּנְד אוֹיבּ אִיךְ וָואלְט
דִיךְ גֶעוָואלְט אָנְזֶעהֶען׃
15 אוּנְד אַצוּנְד, בְּרֶענְגְט מִיר אַ
שְׁפִּילֶער, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען
דֶער שְׁפִּילֶער הָאט גֶעשְׁפִּילְט, אִיז דִיא
הַאנְד פוּן דֶעם הַאר אוֹיף אִיהְם גֶעְ־
וֶועזֶען׃
16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט
דֶער הַאר גֶעזָאגְט, מַאכְט אוּם דִיזֶען
טְהָאל גְרִיבֶּען׃
17 וָוארִין אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעְ־
זָאגְט, אִיהְר וֶועט נִיט זֶעהֶען קֵיין וִוינְד,
אוּנְד אִיהְר וֶועט נִיט זֶעהֶען קֵיין רֶעגֶען,
אוּנְד יֶענֶעם טְהָאל וֶועט פוּל וֶוערֶען
מִיט וַואסֶער, אוּנְד אִיהְר וֶועט טְרִינְקֶען,
אוּנְד אֵייעֶר פִיה׃
18 אוּנְד דָאס אִיז נָאךְ גְרִינְג אִין דִיא
אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר וֶועט
אִיבֶּערְגֶעבֶּען מוֹאָב אִין אֵיירֶע הַאנְד׃
19 אוּנְד אִיהְר וֶועט שְׁלָאגֶען אַלֶע
פֶעסְטֶע שְׁטֶעט, אוּנְד אַלֶע אוֹיסְדֶערְ־
וֵויילְטֶע שְׁטֶעט, אוּנְד אַלֶע גוּטֶע
בֵּיימֶער וֶועט אִיהְר מַאכֶען פַאלֶען,
אוּנְד אַלֶע וַואסֶערקְוֶועלֶען וֶועט אִיהְר
פֶערְשְׁטָאפֶען, אוּנְד אַלֶע גוּטֶע אַקֶערְ־
פֶעלְדֶער וֶועט אִיהְר מִיט שְׁטֵיינֶער
פֶערְדַארְבֶּען׃
20 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַם פְרִיה־
מָארְגֶען, וֶוען מֶען בְּרֶענְגְט אוֹיף דָאס
שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער, אוּנְד זֶעה, אַזוֹי אִיז
וַואסֶער אָנְגֶעקוּמֶען, דוּרְךְ דֶעם וֶועג פוּן
אֶדוֹם, אוּנְד הָאט פוּל גֶעמַאכְט דָאס
לַאנְד מִיט וַואסֶער׃
21 אוּנְד גַאנְץ מוֹאָב הָאבֶּען גֶעהֶערְט,
אַז דִיא קֶענִיגֶע זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען

צוּ

צוּ שְׁטְרֵייטֶען מִיט זֵייא, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ פֶערזַאמֶעלְט פוּן יֶעדֶערֶען וָואס גַארְטֶעלְט אָן אַ גַארְטֶעל, אוּנְד דַארִיבֶּער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ׃

22 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער פְּרִיה, אוּנְד דִיא זוּן הָאט גֶעשֵׁיינְט אוֹיף דֶעם וַואסֶער, אַזוֹי הָאט מוֹאָב גֶעזֶעהֶען פוּן עֶנְטְקֶעגֶען דִיא וַואסֶער רוֹיט וִויא בְּלוּט׃

23 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז בְּלוּט, דִיא קֶענִיגֶע זֶענֶען פֶערְוִויסְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד אַצוּנְד, (קוּמְט) צוּ דֶעם רוֹיב, מוֹאָב!

24 אוּנְד אַלְס זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם לַאגֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי זֶענֶען דִיא יִשְׂרָאֵל אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען מוֹאָב, אוּנְד זֵייא זֶענֶען פַאר זֵייא עֶנְטְלָאפֶען, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען מוֹאָב גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד דֶערְשְׁלָאגֶען׃

25 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צֶערטְרֶעטֶען דִיא שְׁטֶעט, אוּנְד אַלֶע גוּטֶע אַקֶערְפֶעלְדֶער הָאבֶּען זֵייא פֶערְוָוארְפֶען יֶעדֶערֶער מִיט אַ שְׁטֵיין, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא פוּל גֶעמַאכְט, אוּנְד דִיא וַואסֶערְקְוַואלֶען הָאבֶּען זֵייא פֶערְשְׁטָאפְּט, אוּנְד אַלֶע גוּטֶע בֵּיימֶער הָאבֶּען זֵייא גֶעמַאכְט פַאלֶען, בִּיז עֶס זֶענֶען נוּר אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען דִיא שְׁטֵיינֶער אִין דֶער וַואנְד, אוּנְד דִיא שְׁלֵיידֶערֶער הָאבֶּען זֵייא אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען׃

26 אוּנְד וֶוען דֶער מֶלֶךְ פוּן מוֹאָב הָאט גֶעזֶעהֶען, דָאס דִיא מִלְחָמָה אִיז צוּ שְׁטַארְק פַאר אִיהְם, הָאט עֶר מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען זִיבֶּען הוּנְדֶערְט מַאן וָואס הָאבֶּען גֶעצוֹיגֶען דָאס שְׁוֶוערְד, זִיךְ דוּרְכְצוּשְׁלָאגֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן אֶדוֹם, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעקָאנְט׃

27 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען זֵיין עֶלְטְסְטֶען זוּהְן, וָואס הָאט גֶעזָאלְט רֶעגִירֶען אַנְשְׁטָאט אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אַלְס אַ בְּרַאנְד־אָפְּפֶער אוֹיף דֶער מוֹיעֶר, אוּנְד דִיא יִשְׂרָאֵל זֶענֶען זֵייעֶר צָארְנִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פוּן אִיהְם אָפְּגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ דֶעם לַאנְד׃

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד אֵיינֶע פְּרוֹיא פוּן דִיא פְרוֹיעֶן פוּן דִיא בְּנֵי הַנְּבִיאִים, הָאט גֶעשְׁרִיגֶען צוּ אֱלִישָׁע. אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֵיין קְנֶעכְט, מֵיין מַאן, אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד דוּא ווייסְט דָאס דֵיין קְנֶעכְט הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶעט פַאר דֶעם הַאר, אוּנְד דֶער שׁוּלְדְהַאר (דֶער מָאנֶער) אִיז גֶעקוּמֶען צוּ צוּנֶעמֶען מֵיינֶע צְוֵוייא קִינְדֶער צוּ אִיהְם פַאר קְנֶעכְט׃

2 אוּנְד אֱלִישָׁע הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, וָואס זָאל אִיךְ דִיר טְהוּן? זָאג מִיר וָואס הָאסְט דוּא אִים הוֹיז? אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, דֵיינֶע דִינְסְטְמוֹיד הָאט נִיט קֵיין זַאךְ אִין דֶעם הוֹיז, נֵייעֶרְט אֵיין קְרִיגֶעל אֵייל׃

3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא, בָּארְג דִיר כֵּלִים פוּן דְרוֹיסֶען, פוּן אַלֶע דֵיינֶע שְׁכֵנִים, דוּא זָאלְסְט נִיט וֶוענִיג לֵיידִיגֶע כֵּלִים בְּרֶענְגֶען׃

4 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אַרֵיינְגֵיין, אוּנְד דוּא זָאלְסְט פֶערְשְׁלִיסֶען דִיא טְהִיר, הִינְטֶער דִיר, אוּנְד הִינְטֶער דֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס גִיסֶען



אין

אִין אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע כֵּלִים, אוּנְד דִיא
פוּלֶע זָאלְסְט דוּא אָפְּרִיקֶען:
5 אוּנְד זִיא אִיז פוּן אִיהְם אַוועקְגֶעגַ־
גַאנְגֶען, אוּנְד זִיא הָאט פֶערְשְׁלָאסֶען
דִיא טְהִיר הִינְטֶער זִיךְ, אוּנְד הִינְטֶער
אִיהְרֶע קִינְדֶער, זַייא הָאבֶּען צוּגֶע־
בְּרֶענְגְט אוּנְד זִיא הָאט גֶעגָאסֶען:
6 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוועזֶען אַלְס דִיא
כֵּלִים זֶענֶען פוּל גֶעווָארֶען, הָאט זִיא
גֶעזָאגְט צוּ אִיהְר זוּהְן, בְּרֶענְג מִיר צוּ
נָאךְ אַ כֶּלִי, אוּנְד עֶר הָאט צוּ
אִיהְר גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נִיט מֶעהְר דָא
קֵיין כֶּלִי, אוּנְד דָאס אֵייל הָאט זִיךְ
אָפְּגֶעלָאזְט:
7 אוּנְד זִיא אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד זִיא
הָאט עֶס גֶעזָאגְט צוּ דֶעם גֶעטְלִיכֶען
מַאן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא,
פֶערְקוֹיף דָאס אֵייל, אוּנְד בֶּעצָאהְל
דֵיינֶע מָאנֶער, אוּנְד דוּא אוּנְד דֵיינֶע
זִיהְן ווֶעלֶען לֶעבֶּען פוּן דֶעם אִיבְּרִיגֶען:
8 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוועזֶען אִין אַ טָאג,
ווֶען אֱלִישָׁע הָאט דוּרְכְגֶערֵייזְט אִין
שׁוּנֵם, אוּנְד דָארְט אִיז גֶעוועזֶען אֵיינֶע
רֵייכֶע פְרוֹיא, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם
שְׁטַארְק גֶעבֶּעטֶען דָאס עֶר זָאל
עֶסֶען בְּרוֹיט, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוועזֶען, ווֶען
עֶר הָאט דָארְטֶען דוּרְכְגֶערֵייזְט, אִיז עֶר
צוּ אִיהְר אַרֵיינְגֶעקוּמֶען בְּרוֹיט צוּ עֶסֶען:
9 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְר
מַאן, זֶעה, אִיךְ ווייס דָאס דֶער
דָאזִיגֶער גֶעטְלִיכֶער מַאן אִיז הֵיילִיג, דֶער
ווָאס רֵייזְט אִימֶער אִיבֶּער בֵּייא אוּנְס:
10 לָאזֶען מִיר דָאךְ מַאכֶען אַ קְלֵיינֶעס
אוֹיבֶּערְצִימֶער, אוּנְד מִיר ווֶעלֶען אִיהְם
דָארְטֶען אַרֵיינְשְׁטֶעלֶען אַ בֶּעט, אַ טִישׁ
אוּנְד אַ שְׁטוּהְל, אוּנְד אַ לֵייכְטֶער,
אוּנְד עֶס ווֶעט זַיין ווֶען עֶר ווֶעט צוּ
אוּנְס קוּמֶען, זָאל עֶר דָארְטֶען אַרֵיינְ־
גֵיין:
11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוועזֶען אַ טָאג,
אוּנְד עֶר אִיז דָארְטֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד
עֶר אִיז אַרֵיין אִין דֶעם אוֹיבֶּערְצִימֶער,
אוּנְד הָאט דָארְטֶען גֶעלֶעגֶען:
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין
יוּנג גֵיחֲזִי, רוּף דִיא שׁוּנַמִּית, אוּנְד עֶר
הָאט זִיא גֶערוּפֶען, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ
גֶעשְׁטֶעלְט פַאר אִיהְם:
13 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
זָאג דָאךְ צוּ אִיהְר, זֶעה, דוּא הָאסְט
גֶעזָארְגְט פַאר אוּנְס דִיא גַאנְצֶע דָאזִיגֶע
זָארְג, ווָאס זָאל אִיךְ דִיר טְהוּן? הָאסְט
דוּא ווָאס צוּ רֶעדֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ,
אָדֶער צוּ דֶעם הוֹיפְּטְמַאן? אוּנְד זִיא
הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ ווְאוֹין דָאךְ צְווִישֶׁען
מֵיין פָאלְק:
14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, ווָאס זָאל
מֶען אִיהְר טְהוּן? אוּנְד גֵיחֲזִי הָאט
גֶעזָאגְט, זִיא הָאט אָבֶּער נִיט קֵיין זוּהְן,
אוּנְד אִיהְר מַאן אִיז אַלְט:
15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, רוּף זִיא,
אוּנְד אַלְס עֶר הָאט זִיא גֶערוּפֶען, הָאט
זִיא זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אִין דִיא טְהִיר:
16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, צוּ דֶער
דָאזִיגֶער צֵייט, אִין אֵיין יָאהְר אַרוּם
זָאלְסְט דוּא הַאלְטֶען אַ זוּהְן, אוּנְד
זִיא הָאט גֶעזָאגְט, נֵיין, מֵיין הַאר דוּא
גֶעטְלִיכֶער מַאן, דוּא זָאלְסְט דָאךְ קֵיין
לִיגֶען זָאגֶען צוּ דֵיינֶע דִינְסְטְמוֹיד:
17 אוּנְד דִיא פְרוֹיא אִיז שְׁווַאנְגֶער
גֶעווָארֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען אַ
זוּהְן, צוּ דֶער זֶעלְבֶּער צֵייט, אִין אֵיין
יָאהְר אַרוּם, ווִיא אֱלִישָׁע הָאט צוּ
אִיהְר גֶערֶעט:
18 אוּנְד אַלְס דָאס קִינְד אִיז גְרוֹיס

גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אַ
טָאג, אַזוֹי אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין
פָאטֶער צוּ דִיא שְׁנִיטֶער:
19 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין
פָאטֶער, מֵיין קָאפּ, מֵיין קָאפּ! אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם קְנֶעכְט,
טְרָאג אִיהְם צוּ זַיינֶע מוּטֶער:
20 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעטְרָאגֶען,
אוּנְד גֶעבְּרַאכְט צוּ זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד
עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף אִיהְרֶען שׁוֹיס
בִּיז מִיטֶען טָאג, אוּנְד עֶר אִיז גֶע־
שְׁטָארְבֶּען:
21 אוּנְד זִיא אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
זִיא הָאט אִיהְם גֶעלֵייגְט אוֹיף דֶעם
בֶּעט פוּן דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן, אוּנְד
אוּנְד אַלְס זִיא הָאט הִינְטֶער אִיהְם
פֶערְשְׁלָאסֶען, אִיז זִיא אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען:
22 אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען אִיהְר
מַאן, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, שִׁיק מִיר
דָאךְ אֵיינֶעם פוּן דִיא יוּנְגֶען, אוּנְד
אֵיינֶעם פוּן דִיא אֵייזֶלֶען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל לוֹיפֶען צוּ דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן,
אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּרִיקְקֶעהְרֶען:
23 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וַוארוּם
זָאלְסְט דוּא צוּ אִיהְם גֵיין, הֵיינְט אִיז
דָאךְ נִיט חוֹדֶשׁ אוּנְד נִיט שַׁבָּת, אוּנְד
זִיא הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז פְרִידֶען:
24 אוּנְד זִיא הָאט אָנְגֶעזַאטֶעלְט דִיא
אֵייזֶעלִין, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אִיהְר יוּנְג, טְרֵייבּ אוּנְד גֵייא, דוּא
זָאלְסְט מִיךְ נִיט אוֹיפְהַאלְטֶען מִיט
דֶעם רֵייטֶען, נוּר אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ
צוּ דִיר גֶעזָאגְט:
25 אוּנְד זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זִיא
אִיז אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן
צוּ דֶעם בַּארְג כַּרְמֶל. אוּנְד עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען וֶוען דֶער גֶעטְלִיכֶער מַאן
הָאט זִיא פוּן וֵוייטֶען דֶערְזֶעהֶען, אַזוֹי
הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זַיין יוּנְג גֵיחֲזִי,
זֶעה, יֶענֶע שׁוּנַמִית אִיז דָא:
26 אוּנְד אַצוּנְד לוֹיף אִיהְר עֶנְטְקֶעגֶען,
אוּנְד זָאג אִיהְר, אִיז שָׁלוֹם צוּ דִיר?
אִיז שָׁלוֹם צוּ דֵיין מַאן? אִיז שָׁלוֹם צוּ
דֶעם קִינְד? אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט,
עֶס אִיז שָׁלוֹם:
27 אוּנְד זִיא אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם
גֶעטְלִיכֶען מַאן צוּ דֶעם בַּארְג, אוּנְד
זִיא הָאט אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא זַיינֶע
פִיס, אוּנְד גֵיחֲזִי אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען, זִיא
אַוֶועקְצוּשְׁטוֹיסֶען, אַזוֹי הָאט דֶער גֶעטְ־
לִיכֶער מַאן גֶעזָאגְט, לָאז זִיא, וָוארִין
אִיהְרֶע זֶעלֶע אִיז בֶּעטְרִיבְּט, אוּנְד
דֶער הַאר הָאט עֶס פֶערְבָּארְגֶען פוּן
מִיר, אוּנְד עֶר הָאט עֶס מִיר נִיט
גֶעזָאגְט:
28 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, הָאבּ אִיךְ
דֶען גֶעבֶּעטֶען אַ זוּהְן פוּן מֵיין הַאר?
הָאבּ אִיךְ דֶען נִיט גֶעזָאגְט דָאס דוּא
זָאלְסְט מִיךְ נִיט נַארֶען?
29 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ גֵיחֲזִי,
גַארְטֶעל אָן דֵיינֶע לֶענְדֶען, אוּנְד נֶעם
מֵיין שְׁטֶעקֶען אִין דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד
זֶעה, אַז דוּא וֶועסְט אָנְטְרֶעפֶען אַ
מֶענְשׁ זָאלְסְט דוּא אִיהְם נִיט גְרִיסֶען,
אוּנְד אוֹיבּ אֵיינֶער וֶועט דִיךְ גְרִיסֶען,
זָאלְסְט דוּא אִיהְם נִיט עֶנְטְפֶערֶען,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט לֶעגֶען מֵיין שְׁטֶעקֶען
אוֹיף דֶעם אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶעם יוּנְג:
30 אוּנְד דִיא מוּטֶער פוּן דֶעם יוּנְג
הָאט גֶעזָאגְט. אַזוֹי וָואהְר וִויא דֶער
הַאר לֶעבְּט, אוּנְד דֵיינֶע זֶעלֶע לֶעבְּט,
דָאס אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען,
אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד עֶר
אִיז אִיהְר נָאכְגֶעגַאנְגֶען:

31 אוּנְד גֵיחֲזִי אִיז פַאר זֵייא גֶעגאַנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶעלֶעגְט דֶעם שְׁטֶעקֶען אוֹיף דֶעם אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶעם יוּנְג, אוּנְד עֶס אִיז אָבֶּער קֵיינֶע שְׁטִימֶע אוּנְד קֵיין מֶערְקֶען גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער יוּנְג הָאט זִיךְ נִיט אוֹיפְגֶעוֶועקְט׃

32 אוּנְד אֱלִישָׁע אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז אַרֵיין, אוּנְד זֶעה, דֶער יוּנְג אִיז גֶעלֶעגֶען טוֹיט אוֹיף זֵיין בֶּעט׃

33 אוּנְד עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט פֶערְשְׁלָאסֶען דִיא טְהִיר הִינְטֶער זֵייא בֵּיידֶע, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ דֶעם הַאר׃

34 אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט אוֹיף דֶעם קִינְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֵייגְט זֵיין מוֹיל אוֹיף זֵיין מוֹיל, אוּנְד זֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיף זֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד זֵיינֶע הֶענְד אוֹיף זֵיינֶע הֶענְד, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוֹיף אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט, אוּנְד דֶער לֵייבּ פוּן דֶעם קִינְד הָאט זִיךְ דֶערְוַוארֶעמְט׃

35 אוּנְד עֶר אִיז ווִידֶער גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא שְׁטוּבּ, אַהִין אוּנְד אַהֶער, אוּנְד אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אוֹיף אִיהְם, אוּנְד דֶער יוּנְג הָאט זִיבֶּען מָאל גֶענִיסְט, אוּנְד דֶער יוּנְג הָאט גֶעעֶפֶענְט זֵיינֶע אוֹיגֶען׃

36 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען צוּ גֵיחֲזִי, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, רוּף דִיא שׁוּנַמִּית, אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶערוּפֶען, אוּנְד אַלְס זִיא אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, (נֶעם) טְרָאג דֵיין זוּהְן׃

37 אוּנְד זִיא אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד אִיז גֶעפַאלֶען צוּ זֵיינֶע פִּיס, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד זִיא הָאט גֶענוּמֶען אִיהְר זוּהְן, אוּנְד זִיא אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען׃

38 אוּנְד אֱלִישָׁע הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ גִלְגָל, אוּנְד דֶער הוּנְגֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם לַאנְד, אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא נְבִיאִים זֶענֶען גֶעזֶעסֶען פַאר אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיין יוּנְג, שְׁטֶעל צוּ דֶעם גְרוֹיסֶען טָאפְּף, אוּנְד קָאךְ אֵיין גֶערִיכְט פַאר דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא נְבִיאִים׃

39 אוּנְד אֵיינֶער אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם פֶעלְד צוּ קְלוֹיבֶּען קְרֵייטֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעפוּנֶען ווִילְדֶע ווֵיינְשְׁטָאק צְווֵייגֶען, אוּנְד עֶר הָאט דֶערְפוּן אָנְגֶעקְלִיבֶּען ווִילְדֶע טְרוֹיבֶּען אַ פוּל קְלֵייד, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט עֶס צוּשְׁנִיטֶען אִין דֶעם טָאפּ אַרֵיין צוּ דֶעם גֶערִיכְט, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעוְואוּסְט׃

40 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעגָאסֶען פַאר דִיא מֶענֶער צוּ עֶסֶען; אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס זֵייא הָאבֶּען פוּן דֶעם גֶעקֶעכְטְס גֶעגֶעסֶען, הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁרִיגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, טוֹיטְלִיכֶעס אִיז אִין דֶעם טָאפּ אָ גֶעטְלִיכֶער מַאן! אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעקָאנְט עֶסֶען׃

41 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נֶעמְט אוֹיךְ מֶעהְל, אוּנְד עֶר הָאט עֶס אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין דֶעם טָאפּ; אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גִיס עֶס פַאר דֶעם פָאלְק אַז זֵייא זָאלֶען עֶס עֶסֶען, אוּנְד עֶס אִיז קֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ נִיט מֶעהְר גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם טָאפּ׃

42 אוּנְד אֵיין מַאן אִיז גֶעקוּמֶען פוּן בַּעַל שָׁלִשָׁה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט



צוּ

צוּ דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן, בִּכּוּרִים
בְּרוֹיט; צְוַואנְצִיג גֶערשְׁטֶען־בְּרוֹיט, אוּנְד
גְרִינֶע קֶערְנֶער, אִין זַיין רֵייזֶע־זַאק;
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֶעבּ עֶס צוּ
דֶעם פָאלְק אַז זַייא זָאלֶען עֶס עֶסֶען:
43 אוּנְד זַיין בֶּעדִינֶער הָאט גֶעזָאגְט,
וָואס, זָאל אִיךְ דָאס גֶעבֶּען פַאר הוּנְדֶערְט
מַאן? אוּנְד עֶר הָאט אָבֶּער גֶעזָאגְט,
גֶעבּ עֶס צוּ דֶעם פָאלְק, אַז זַייא
זָאלֶען עֶס עֶסֶען, וָוארִין אַזוֹי הָאט דֶער
הַאר גֶעזָאגְט, מֶען וֶועט עֶסֶען, אוּנְד
עֶס וֶועט אִיבֶּערבְּלֵייבֶּען:
44 אוּנְד עֶר הָאט עֶס פַאר זַייא גֶע־
גֶעבֶּען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען, אַזוֹי ווִיא
נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר:

קאפּיטעל ה

1 אוּנְד נַעֲמָן דֶער הוֹיפְּטמַאן פוּן
דֶעם קֶענִיג פוּן אֲרָם, אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין
גְרוֹיסֶער מַאן, פַאר זַיין הַאר, אוּנְד
אֵיין פָארְנֶעמֶער מַאן, וָוארִין דוּרְךְ
אִיהְם הָאט דֶער הַאר גֶעגֶעבֶּען אַ
הִילְף צוּ אֲרָם, אוּנְד דֶער מַאן אִיז
גֶעוֶועזֶען אֵיין שְׁטַארְקֶער הֶעלְד, אָבֶּער
עֶר וַואר קְרֶעצִיג:
2 אוּנְד אֲרָם זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אִין מַחֲנוֹת, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶע־
פַאנְגֶען גֶענוּמֶען פוּן יִשְׂרָאֵל'ס לַאנְד, אַ
קְלֵיין מֵיידֶעל; אוּנְד זִיא אִיז גֶע־
וֶועזֶען פַאר דִיא פְרוֹי פוּן נַעֲמָן:
3 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְרֶע
הַארֶענְטֶע, הַלְוַאי וֶוער מֵיין הַאר פַאר
דֶעם נָבִיא וָואס אִיז אִין שֹׁמְרוֹן!
וָוארִין עֶר הֶעט אִיהְם אוֹיסְגֶעהֵיילְט
פוּן זַיינֶע קְרֶעץ:
4 אוּנְד מֶען אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זַיין הַאר,
אוּנְד מֶען הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען;
אַזוֹי אוּנְד אַזוֹי הָאט דָאס מֵיידֶעל וָואס
אִיז פוּן דֶעם לַאנְד יִשְׂרָאֵל, גֶערֶעט:
5 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אֲרָם הָאט
גֶעזָאגְט, גֵייא, קוּם אִיךְ וֶועל שִׁיקֶען
אֵיין בְּרִיף צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל;
אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט
גֶענוּמֶען אִין זַיינֶע הַאנְד, צֶעהְן צֶענְטְנֶער
זִילְבֶּער, אוּנְד זֶעקְס טוֹיזֶענְד גָאלְד־
שְׁטִיק, אוּנְד צֶעהְן פָּאר קְלֵיידֶער:
6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט דֶעם
בְּרִיף צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען,—אוּנְד אַצוּנְד, וֶוען דֶער דָא־
זִיגֶער בְּרִיף וֶועט צוּ דִיר אָנְקוּמֶען, זֶעה,
אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט מֵיין קְנֶעכְט
נַעֲמָן, אַז דָאס דוּא זָאלְסְט אִיהְם אוֹיסְ־
הֵיילֶען פוּן זַיינֶע קְרֶעץ:
7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס דֶער
מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעלֶעזֶען דֶעם
בְּרִיף, הָאט עֶר צֶערִיסֶען זַיינֶע קְלֵיידֶער,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בִּין אִיךְ דֶען
גָאט, צוּ טֵייטֶען אוּנְד לֶעבֶּעדִיג צוּ
מַאכֶען, דָאס עֶר שִׁיקְט צוּ מִיר דָאס
אִיךְ זָאל אוֹיסְהֵיילֶען אַ מַאן פוּן זַיינֶע
קְרֶעץ? דֶערְקֶענְט דָאךְ אוּנְד זֶעהְט דָאס
עֶר זוּכְט אֵיין אוּרְזַאךְ צוּ מִיר:
8 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַלְס אֱלִישָׁע
דֶער גֶעטְלִיכֶער מַאן הָאט גֶעהֶערְט
דָאס דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט צֶע־
רִיסֶען זַיינֶע קְלֵיידֶער, הָאט עֶר גֶע־
שִׁיקְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
וָוארוּם הָאסְט דוּא צֶערִיסֶען דֵיינֶע
קְלֵיידֶער? לָאז עֶר דָאךְ קוּמֶען צוּ מִיר,
אוּנְד אַז עֶר זָאל וִויסֶען דָאס עֶס אִיז דָא
אַ נָבִיא אִין יִשְׂרָאֵל:
9 אוּנְד נַעֲמָן אִיז גֶעקוּמֶען מִיט
זַיינֶע פֶערְד אוּנְד מִיט זַיינֶע וֶועגֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט בֵּייא


דער

דֶער מְהִיר פון דֶעם הויז פון
אֱלִישָׁע׃
10 אונְד אֱלִישָׁע הָאט צו אִיהְם גֶע־
שִׁיקְט אַ שָׁלִיחַ, אַזוי צו זָאגֶען, דוא
זָאלְסְט גֵיין, אונְד דוא זָאלְסְט דִיךְ
בָּאדֶען זִיבֶּען מָאל אִין דֶעם יַרְדֵן, אַזוי
וֶועט זִיךְ דַיין לֵייבּ ווִידֶערְקֶעהְרֶען,
אונְד וֶועט זַיין רֵיין׃
11 אונְד נַעֲמָן הָאט גֶעצָארֶענְט, אונְד
אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אונְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט דָאס עֶר
וֶועט אַרויסְגֵיין, אונְד עֶר וֶועט זִיךְ
שְׁטֶעלֶען אונְד עֶר וֶועט אָנְרוּפֶען
דֶעם נָאמֶען פון דֶעם הַאר זַיין גָאט,
אונְד עֶר וֶועט אויפְהֵייבֶּען זַיינֶע הַאנְד
צו דֶעם אָרְט, אונְד וֶועט הֵיילֶען דִיא
קְרֶעץ׃
12 זֶענֶען נִיט אֲבָנָה אונְד פַּרְפַּר דִיא
טַייכֶער פון דַמֶּשֶׂק, בֶּעסֶער מֶעהְר אַלְס
אַלֶע וַואסֶערְן פון דִיא יִשְׂרָאֵל? אִיךְ
וֶועל מִיךְ דָאךְ אִין זַייא בָּאדֶען, אונְד
אִיךְ וֶועל זַיין רֵיין. אונְד עֶר הָאט זִיךְ
אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט, אונְד עֶר אִיז אַוֶועקְגֶע־
גַאנְגֶען מִיט צָארְן׃
13 אונְד זַיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען צוּגֶע־
גַאנְגֶען, אונְד זַייא הָאבֶּען צו אִיהְם
גֶערֶעט, אונְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
מֵיין פָאטֶער, וֶוען דֶער נָבִיא וָואלְט
אֵיינֶע גְרויסֶע זַאךְ צו דִיר גֶערֶעט,
וָואלְסְט דוא עֶס נִיט גֶעטְהוּן? אונְד
מִכָּל שֶׁכֵּן דָאס עֶר הָאט צו דִיר גֶע־
זָאגְט, בָּאד דִיךְ, אונְד דוא וֶועסְט רֵיין
זַיין׃
14 אונְד עֶר אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען, אונְד
עֶר הָאט זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעטוּנְקְט אִים
יַרְדֵן זִיבֶּען מָאל, אַזוי וִויא דָאס וָוארְט
פון דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן, אונְד זַיין
פְלֵייש הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, וִויא
דָאס פְלֵייש פון אַ קְלֵיינֶעם יוּנְג, אונְד
עֶר אִיז גֶעוָוארֶען רֵיין׃
15 אונְד עֶר הָאט זִיךְ ווִידֶערְגֶעקֶעהְרְט
צו דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן, עֶר אונְד זַיינֶע
גַאנְצֶע מַחֲנֶה, אונְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען,
אונְד עֶר הָאט זִיךְ פַאר אִיהְם גֶעשְׁטֶעלְט,
אונְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ הָאבּ
דֶערְקֶענְט דָאס עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין
גָאט אִין דֶעם גַאנְצֶעם לַאנְד, נֵייעֶרְט
בֵּייא דִיא יִשְׂרָאֵל, אונְד אַצוּנְד, זָאלְסְט
דוא דָאךְ נֶעמֶען אַ גֶעשֶׁענְק פון דַיין
קְנֶעכְט׃
16 אונְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוי וָואהְר
וִויא דֶער הַאר לֶעבְּט, וָואס אִיךְ בִּין
פַאר אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען, אויבּ אִיךְ וֶועל
עֶס אָנְגֶענֶעמֶען, אונְד עֶר הָאט אִיהְם
שְׁטַארְק גֶעבֶּעטֶען, דָאס עֶר זָאל נֶע־
מֶען, אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט׃
17 אונְד נַעֲמָן הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען
נִיט, לָאז דָאךְ גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען צו דַיין
קְנֶעכְט אֵיין מַשָּׂא עֶרְד פַאר אֵיין
שְׁפַּאן פון מוילְאֵייזְלֶען, וָוארִין דַיין
קְנֶעכְט וֶועט מֶעהְר נִיט מַאכֶען אֵיין
בְּרַאנְד־אָפְּפֶער, אונְד אֵיין שֶׁעכְטוּנְג
צו פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, נֵייעֶרְט צו דֶעם
הַאר׃
18 אָבֶּער אִין דֶער דָאזִיגֶער זַאךְ, זָאל
דֶער הַאר פֶערְגֶעבֶּען צו דַיין קְנֶעכְט;
וֶוען מֵיין הַאר וֶועט קוּמֶען אִין דֶעם הויז
פון רִמּוֹן זִיךְ דָארְטֶען צו בִּיקֶען, אונְד
עֶר אִיז אָנְגֶעלֶעהְנְט אויף מֵיינֶע הַאנְד,
אונְד אִיךְ מוּז מִיךְ בִּיקֶען אִין דֶעם
הויז פון רִמּוֹן, אונְד וֶוען אִיךְ וֶועל
מִיךְ בִּיקֶען אִין דֶעם הויז פון רִמּוֹן,
לָאז דָאךְ דֶער הַאר פֶערְגֶעבֶּען צו
דַיין קְנֶעכְט, אִין דֶער דָאזִיגֶער זַאךְ׃

19 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
גֵייא מִיט פְרִידֶען. אוּנְד וָוען עֶר אִיז
פוּן אִיהְם אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אַיין אַקֶער
לַאנְד וַוייט׃
20 אַזוֹי הָאט גֵחֲזִי, דֶער יוּנְג פוּן
אֱלִישָׁע דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן, גֶעזָאגְט,
זֶעה, מֵיין הַאר הָאט פֶּערְמִיטֶען נַעֲמָן דֶעם
דָאזִיגֶען אַרַמֶער, פוּן צוּ נֶעמֶען פוּן זַיינֶע
הַאנְד דָאס וָואס עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט,
אַזוֹי וָואהְר וִויא דֶער הַאר לֶעבְּט, דָאס
אִיךְ וֶועל אִיהְם נָאכְלוֹיפֶען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל עֶטְוָואס בַּייא אִיהְם נֶעמֶען׃
21 אוּנְד גֵחֲזִי הָאט נָאכְגֶעיָאגְט נָאךְ
נַעֲמָן; אוּנְד אַלְס נַעֲמָן הָאט גֶעזֶעהֶען
דָאס מֶען לוֹיפְט אִיהְם נָאךְ, אַזוֹי הָאט
עֶר אַרוּפְּגֶעשְׁטִיגֶען פוּן דֶעם וָואגֶען,
אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זָאגְט, אִיז שָׁלוֹם?
22 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם.
אָבֶּער מֵיין הַאר הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט
אַזוֹי צוּ זָאגֶען; זֶעה, אַצוּנְד זֶענֶען צוּ
מִיר גֶעקוּמֶען צְוֵויא יוּנְגֶען פוּן דֶעם
בַּארְג אֶפְרַיִם, פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא
נְבִיאִים, גִיבּ דָאךְ פַאר זֵייא אַיין
צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער, אוּנְד צְוֵויא פָּאר
קְלֵיידֶער׃
23 אוּנְד נַעֲמָן הָאט גֶעזָאגְט, זַייא וִוילִיג,
אוּנְד נֶעם צְוֵויא צֶענְטְנֶער. אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם שְׁטַארְק גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד
עֶר הָאט אַיינְגֶעבּוּנְדֶען צְוֵויא צֶענְטְנֶער
זִילְבֶּער, אִין צְוֵויא בֵּייטְלֶען, אוּנְד
צְוֵויא פָּאר קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר הָאט
עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיינֶע צְוֵויא יוּנְגֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעטְרָאגֶען פַאר
אִיהְם׃
24 אוּנְד וָוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם
עוֹפֶל, אַזוֹי הָאט עֶר עֶס גֶענוּמֶען פוּן
זֵייעֶרֶע הֶענְד, אוּנְד עֶר הָאט עֶס בֶּע־
הַאלְטֶען אִין דֶעם הויז, אוּנְד עֶר הָאט
דִיא מֶענְשֶׁען אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אוּנְד זֵייא
זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען׃
25 אוּנְד אַלְס עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פַאר זַיין הַאר,
אַזוֹי הָאט אֱלִישָׁע צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פוּן וַואנֶען (קוּמְסְט דוּא) גֵחֲזִי? אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דַיין קְנֶעכְט אִיז אִין
עֶרְגֶעץ גֶעגַאנְגֶען, אַהִין אָדֶער אַהֶער׃
26 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אִיז נִיט מֵיין הַארְץ מִיטְגֶעגַאנְגֶען אַלְס
דֶער מַאן הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט פוּן
זַיין וָואגֶען דִיר עֶנְטְקֶעגֶען? אִיז דֶען
יֶעצְט דִיא צַייט, צוּ נֶעמֶען זִילְבֶּער,
אוּנְד צוּ נֶעמֶען קְלֵיידֶער אוּנְד אֵיילְ־
בֶּערְטֶען, אוּנְד וַויינְגֶערְטֶער, אוּנְד שָׁאף
אוּנְד רִינְדֶער, אוּנְד קְנֶעכְט אוּנְד
דִינְסְטֶען?
27 אוּנְד דִיא קְרֶעץ פוּן נַעֲמָן, זָאל
זִיךְ בֶּעהֶעפְטֶען אַן דִיר אוּנְד אַן דַיינֶע
קִינְדֶער אוֹיף אֵייבִּיג. אוּנְד עֶר אִיז פוּן
אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוֹיסְזֶעצִיג אַזוֹי
וִויא שְׁנֵייא׃

## קאפיטעל ו

1 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא נְבִיאִים
הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ אֱלִישָׁע; זֶעה, דֶער
אָרְט וְואוּ מִיר פַאר דִיר דָארְט וְואוֹינֶען,
אִיז אוּנְס צוּ עֶנְג׃
2 לָאזֶען מִיר דָאךְ גֵיין בִּיז צוּ דֶעם
יַרְדֵן, אוּנְד מִיר וֶועלֶען יֶעדֶערֶער פוּן
דָארְטֶען נֶעמֶען אַיין בַּאלְקֶען, אוּנְד מִיר
וֶועלֶען פַאר אוּנְס דָארְטֶען מַאכֶען אַיין
אָרְט, דָארְטֶען צוּ וְואוֹינֶען. אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, גֵייט׃
3 אוּנְד אֵיינֶער הָאט גֶעזָאגְט, הַלְוַאי
הֶעסְט דוּא מִיטְגֶעגַאנְגֶען מִיט דַיינֶע

קֶנֶעכְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ
װֶעל גֵיין:
4 אוּנְד עֶר אִיז מִיט זֵייא גֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם
יַרְדֵן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען
דָאס הָאלְץ:
5 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אַלְס אֵיינֶער
הָאט גֶעמַאכְט װַארְפֶען דֶעם בַּאלְקֶען
אַזוֹי אִיז דָאס אֵייזֶען אַרֵיינְגֶעפַאלֶען
אִין דֶעם װַאסֶער; אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַךְ,
מֵיין הַאר! דָאס אִיז אֵיין גֶעבָּארְגְטֶעס:
6 אוּנְד דֶער גֶעטְלִיכֶער מַאן הָאט
גֶעזָאגְט, װְאוּ אִיז עֶס גֶעפַאלֶען? אוּנְד
עֶר הָאט אִיהְם גֶעװִיזֶען דֶעם אָרְט,
אוּנְד עֶר הָאט אָפְּגֶעהַאקְט אַ הָאלְץ,
אוּנְד הָאט עֶס דָארְטֶען אַרֵיינְגֶעװָארְפֶען,
אוּנְד דָאס אֵייזֶען אִיז אַרוֹיפְגֶעשְׁװִימֶען!
7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הֵייבּ עֶס
אוֹיף, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט
זֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד הָאט עֶס גֶענוּמֶען:
8 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן אֲרָם הָאט
מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ בֶּערַאטְהֶען מִיט זֵיינֶע קְנֶעכְט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַן דִיזֶען אוּנְד יֶענֶעם
אָרְט, זָאל זֵיין מֵיין לַאגֶער:
9 אוּנְד דֶער גֶעטְלִיכֶער מַאן הָאט
גֶעשִׁיקְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, הִיטֶע דִיךְ פוּן פַארְבֵּייא
צוּ גֵיין דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, װָארִין
דָארְטֶען הָאט זִיךְ אֲרָם גֶעלַאגֶערְט:
10 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל, הָאט
גֶעשִׁיקְט צוּ דֶעם אָרְט, װָאס דֶער
גֶעטְלִיכֶער מַאן הָאט אִיהְם גֶעזָאגְט,
אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעװָארֶענְט, אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ דָארְטֶען גֶעהִיט, נִיט אֵיין
מָאל אוּנְד נִיט צְװֵייא מָאל:
11 אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן דֶעם מֶלֶךְ
פוּן אֲרָם, אִיז אוּנְמוּטְהִיג גֶעװָארֶען
װֶעגֶען דֶער דָאזִיגֶער זַאךְ, אוּנְד עֶר
הָאט גֶערוּפֶען צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד
עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, װֶעט אִיהְר
מִיר נִיט זָאגֶען, װֶער פוּן אוּנְס אִיז
אַװֶעק צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל?
12 אוּנְד אֵיינֶער פוּן זֵיינֶע קְנֶעכְט
הָאט גֶעזָאגְט, קֵיינֶער, מֵיין הַאר מֶלֶךְ,
נֵייעֶרְט דֶער נָבִיא אֱלִישָׁע װָאס אִיז
בֵּייא דִיא יִשְׂרָאֵל זָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ
פוּן יִשְׂרָאֵל דָאס װָאס דוּא רֶעדְסְט אִין
דִיא קַאמֶער װְאוּ דוּא שְׁלָאפְסְט:
13 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי גֵייט,
אוּנְד זֶעהְט װְאוּ עֶר אִיז, אוּנְד אִיךְ
װֶעל שִׁיקֶען אוּנְד אִיךְ װֶעל אִיהְם
גֶעמֶען, אוּנְד עֶס אִיז אִיהְם אָנְגֶעזָאגְט
גֶעװָארֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֵייא, עֶר אִיז
אִין דוֹתָן:
14 אוּנְד עֶר הָאט דָארְט אַהִינְגֶעשִׁיקְט,
פֶערְד אוּנְד רֵייטְװֶעגֶען אוּנְד אַ גְרוֹיסֶעס
חַיִל, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען בֵּייא
נַאכְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דִיא שְׁטָאט
אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט:
15 אוּנְד דֶער מְשָׁרֵת פוּן דֶעם
גֶעטְלִיכֶען מַאן אִיז פְּרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אוּנְד זֶעה, דָאס חַיִל הָאט אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט
דִיא שְׁטָאט, אוּנְד אוֹיךְ פֶערְד אוּנְד
רֵייטְװֶעגֶען, אוּנְד דֶער יוּנְג הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, אוֹי װֵייא, מֵיין הַאר!
װָאס זָאלֶען מִיר טְהוּן?
16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט
דִיךְ נִיט פָארְכְטֶען, װָארִין מֶעהְר זֶענֶען
דִיא װָאס זֶענֶען מִיט אוּנְס, פוּן דִיא
װָאס זֶענֶען מִיט זֵייא:

17 אוּנְד אֱלִישָׁע הָאט גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, עֶפֶען דָאךְ זַיינֶע אוֹיגֶען, אַז עֶר זָאל זֶעהֶען, אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעעֶפֶענְט דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם יוּנְג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה, דֶער בַּארְג אִיז גֶעוֶועזֶען פוּל מִיט פֶערְד, אוּנְד פֵייעֶרִיגֶע וֶועגֶען אַרוּם אֱלִישָׁע:

18 אוּנְד אַלְס זַייא זֶענֶען צוּ אִיהְם אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען, הָאט אֱלִישָׁע גֶעבֶּעטֶען צוּ דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שְׁלָאג דָאךְ דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק מִיט בְּלִינְדְהֵייט, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעשְׁלָאגֶען מִיט בְּלִינְדְהֵייט נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן אֱלִישָׁע:

19 אוּנְד אֱלִישָׁע הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, דָאס אִיז נִיט דֶער וֶועג, אוּנְד דָאס אִיז נִיט דִיא שְׁטָאט, גֶעהְט מִיר נָאךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ פִיהְרֶען צוּ דֶעם מַאן וָואס אִיהְר זוּכְט, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעפִיהְרְט נָאךְ שֹׁמְרוֹן:

20 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַלְס זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ שֹׁמְרוֹן, הָאט אֱלִישָׁע גֶעזָאגְט, הַאר, עֶפֶען דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא דָאזִיגֶע, דָאס זַייא זָאלֶען זֶעהֶען, אוּנְד דֶער הַאר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט זַייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה, זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין מִיטֶען פוּן שֹׁמְרוֹן:

21 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ אֱלִישָׁע, אַלְס עֶר הָאט זַייא דֶערְזֶעהֶען, מֵיין פָאטֶער, זָאל אִיךְ זַייא שְׁלָאגֶען?

22 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט שְׁלָאגֶען, וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט גֶעפַאנְגֶען מִיט דֵיין שְׁוֶוערְד, אוּנְד מִיט דֵיין בּוֹיגֶען, דִיא שְׁלָאג, טְהוּא פַאר זַייא בְּרוֹיט אוּנְד וַואסֶער, אוּנְד זַייא זָאלֶען עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען, אוּנְד זַייא זָאלֶען גֵיין צוּ זַייעֶר הַאר:

23 אוּנְד עֶר הָאט פַאר זַייא צוּגֶעגְרֵייט אֵיין גְרוֹיסֶע מָאהְלְצַייט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנְד עֶר הָאט זַייא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען צוּ זַייעֶר הַאר, זַייט דֶעם זֶענֶען דִיא שַׁארֶען פוּן אֲרָם נִיט מֶעהְר גֶעקוּמֶען אִין דֶעם לַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל:

24 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶעם הָאט בֶּן הֲדַד דֶער מֶלֶךְ פוּן אֲרָם פֶערְזַאמֶעלְט זַיין גַאנְצֶען לַאגֶער, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט בֶּעלַאגֶערְט שֹׁמְרוֹן:

25 אוּנְד אִין שֹׁמְרוֹן אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶער הוּנְגֶער, אוּנְד זֶעה, זַייא הָאבֶּען עֶס בֶּעלַאגֶערְט, בִּיז עֶס הָאט גֶעקָאסְט אַ קָאפּ פוּן אֵיין אֵייזֶעל אַכְצִיג זִילְבֶּערְשְׁטִיק, אוּנְד אַ פֶערְטֶעל קַב טוֹיבֶּענְמִיסְט פִינְף זִילְבֶּערְשְׁטִיק:

26 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַלְס דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז פַארְבֵּייגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דִיא מוֹיעֶר, הָאט אֵיין פְרוֹיא צוּ אִיהְם גֶעשְׁרִיגֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, הֶעלְף, מֵיין הַאר מֶלֶךְ!

27 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען דֶער הַאר הֶעלְפְט דִיר נִיט, פוּן וַואנֶען זָאל אִיךְ דִיר הֶעלְפֶען? פוּן דֶער שֵׁייעֶר, אָדֶער פוּן דֶער קֶעלְטֶער?

28 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דִיר? אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, דִיא דָאזִיגֶע פְרוֹיא הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, גֶעבּ דֵיין זוּהְן אוּנְד מִיר וֶועלֶען אִיהְם עֶסֶען הֵיינְט, אוּנְד מֵיין זוּהְן וֶועלֶען מִיר עֶסֶען מָארְגֶען:

29 אוּנְד מִיר הָאבֶּען מֵיין זוּהְן

גֶעקָאכְט, אוּנְד מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
גֶעסֶען, אוּנְד אַלְס אִיךְ הָאבּ צוּ אִיהְר
אִין דֶעם אַנְדֶערְן טָאג גֶעזָאגְט, גֶעבּ
דֵיין זוּהְן אוּנְד מִיר וֶועלֶען אִיהְם עֶסֶען,
אַזוֹי הָאט זִיא אִיהְר זוּהְן בֶּעהַאלְטֶען:
30 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַלְס דֶער
קֶענִיג הָאט גֶעהֶערְט דִיא וֶוערְטֶער
פוּן דִיא פְרוֹי, אַזוֹי הָאט עֶר זֵיינֶע
קְלֵיידֶער צֶערִיסֶען, אוּנְד עֶר אִיז פַארְ־
בֵּייא גֶעגַאנְגֶען דִיא מוֹיעֶר, אוּנְד דָאס
פָאלְק הָאט גֶעזֶעהֶען, דָאס דֶער זַאק אִיז
גֶעוֶועזֶען אוֹיף זֵיין לֵייבּ פוּן אִינְוֶוענְדִיג:
31 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאל
מִיר גָאט טְהוּן, אוּנְד אַזוֹי זָאל עֶר מִיר
מֶעהְר טְהוּן, אוֹיבּ דֶער קָאפּ פוּן
אֶלִישָׁע דֶעם זוּהְן פוּן שָׁפָט, וֶועט אוֹיף
אִיהְם הֵיינְט בְּלֵייבֶּען:
32 אוּנְד אֶלִישָׁע אִיז גֶעזֶעסֶען אִין זֵיין
הוֹיז, אוּנְד דִיא עֶלְטְסטֶע זֶענֶען גֶעזֶעסֶען
מִיט אִיהְם אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט אַ
מַאן פוּן פַאר אִיהְם, אָבֶּער אֵיידֶער
דֶער שָׁלוּחַ אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען,
הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ דִיא עֶלְטְסטֶע,
הָאט אִיהְר גֶעזֶעהֶען, דָאס דֶער דָאזִי־
גֶער מֶערְדֶערְזוּהְן הָאט גֶעשִׁיקְט, מִיר
מֵיין קָאפּ אַרָאפְּצוּנֶעמֶען? זֶעהְט, וֶוען
דֶער שָׁלוּחַ וֶועט קוּמֶען, זָאלְט אִיהְר
פֶערְשְׁלִיסֶען דִיא טְהִיר, אוּנְד אִיהְר
זָאלְט אִיהְם צוּדְרִיקֶען מִיט דֶער טְהִיר,
אִיז נִיט דָאס קוֹל פוּן דִיא פִּיס פוּן זֵיין
הַאר הִינְטֶער אִיהְם?
33 וַוייל עֶר הָאט נָאךְ מִיט זֵייא גֶע־
רֶעט, זֶעה, אַזוֹי אִיז דֶער שָׁלוּחַ צוּ אִיהְם
אַרָאבְּגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
זֶעה, זָאלְכֶעס שְׁלֶעכְטֶעס אִיז פוּן דֶעם
הַאר, וָואס זָאל אִיךְ נָאךְ הָאפֶען צוּ
דֶעם הַאר?

## קאפּיטעל ז

1 אוּנְד אֶלִישָׁע הָאט גֶעזָאגְט הֶערְט
דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי הָאט
דֶער הַאר גֶעזָאגְט, מָארְגֶען אִין דֶער
צֵייט וֶועט זֵיין אֵיין סְאָה זֶעמֶעל מֶעהְל
פַאר אֵיין שֶׁקֶל, אוּנְד צְוֵוייא סְאָה
גֶערְשְׁטֶען פַאר אֵיין שֶׁקֶל אִין דֶעם
טוֹיעֶר פוּן שֹׁמְרוֹן:
2 אוּנְד דֶער הוֹיפְּטמַאן, וָואס דֶער
מֶלֶךְ אִיז אָנְגֶעלֶעהְנְט אוֹיף זֵיין הַאנְד,
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, אַז
וֶוען דֶער הַאר וֶועט מַאכֶען פֶענְסְטֶער
אִין דֶעם הִימֶעל, קֶען דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ
גֶעשֶׁעהֶן? אוּנְד עֶר הָאט אָבֶּער גֶע־
זָאגְט, זֶעה, מִיט דֵיינֶע אוֹיגֶען וֶועסְט
דוּא עֶס זֶעהֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט נִיט
דֶערְפוּן עֶסֶען:
3 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיעֶר אוֹיסְ־
זֶעצִיגֶע מֶענְשֶׁען אִין דֶעם אֵיינְגַאנְג פוּן
דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיינֶער
צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט, וָואס
זָאלֶען מִיר דָא זִיצֶען בִּיז מִיר וֶועלֶען
שְׁטַארְבֶּען?
4 וֶוען מִיר וֶועלֶען זָאגֶען, דָאס מִיר
זָאלֶען קוּמֶען אִין דִיא שְׁטָאט אַרַיין,
אַזוֹי אִיז דֶער הוּנְגֶער אִין דִיא שְׁטָאט,
וֶועלֶען מִיר דָארְטֶען שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד
וֶוען מִיר זָאלֶען דָא זִיצֶען, וֶועלֶען מִיר
דָא שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד אַצוּנְד לָאזֶען מִיר
גֵיין אַז מִיר זָאלֶען פַאלֶען צוּ דֶעם
לַאגֶער פוּן אֲרָם, אוֹיבּ זֵייא וֶועלֶען
אוּנְס לָאזֶען לֶעבֶּען, וֶועלֶען מִיר לֶעבֶּען,
אוּנְד אוֹיבּ זֵייא וֶועלֶען אוּנְס טֵייטֶען,
וֶועלֶען מִיר זֵיין טוֹיט:
5 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אִין דֶעם אָבֶּענְד, אַרַיינְצוּקוּמֶען צוּ דֶעם

לַאגֶער פוּן אַרָם, אוּנְד װֶען זֵייא זֶענֶען
גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֶעם עֶק פוּן דֶעם לַא־
גֶער פוּן אַרָם, אוּנְד זֶעה, אַזױ אִיז דָארְ־
טֶען קֵיין אֵיין מֶענְשׁ נִיט גֶעוֶועזֶען׃
6 דֶען דֶער הַאר הָאט גֶעמַאכְט הֶער־
רֶען אִין דֶער מַחֲנֶה פוּן אַרָם אַ גֶעשְׁרֵייא
פוּן װָעגֶען, אוּנְד אַ גֶעשְׁרֵייא פוּן
פֶערְד, אַ גֶעשְׁרֵייא פוּן אַ גְרױסֶען חַיִל,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְ־
דֶערֶען גֶעזָאגְט, זֶעה, דֶער מֶלֶךְ פוּן
יִשְׂרָאֵל הָאט אוֹיף אוּנְס גֶעדוּנְגֶען דִיא
קֶענִיגֶע פוּן דִיא חִתִּים, אוּנְד דִיא
קֶענִיגֶע פוּן מִצְרַיִם, דָאס זֵייא זָאלֶען
אִיבֶּער אוּנְס קוּמֶען׃
7 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אױפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען אִין דֶעם
אָבֶענְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְלָאזֶען
זֵיירֶע גֶעצֶעלְטֶען אוּנְד זֵיירֶע פֶערְד,
אוּנְד זֵיירֶע אֵייזְלֶען אִין דֶעם לַאגֶער
אַזױ וִויא עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זֶענֶען
אַנְטְלָאפֶען מִיט זֵייעֶר לֶעבֶּען׃
8 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע קְרֶעצִיגֶע זֶענֶען
גֶעקוּמֶען בִּיז אַן דֶעם עֶק פוּן דֶעם
לַאגֶער, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְ־
גֶען אִין אַ גֶעצֶעלְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעגֶעסֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פוּן דָארְטֶען גֶענוּמֶען,
זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד אוּנְד קְלֵיידֶער,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען
עֶס בֶּעהַאלְטֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
װִידֶער אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין אֵיין אַנְדֶערֶען
גֶעצֶעלְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פוּן דָארְטֶען
אוֹיךְ גֶענוּמֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶע־
גַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען עֶס בֶּעהַאלְטֶען׃
9 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט אֵיינֶער
צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען, מִיר טְהוּן נִיט
רֶעכְט, דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג אִיז אַ טָאג
פוּן גוּטֶע נַאכְרִיכְט, אוּנְד װֶען מִיר זָאלֶען
שְׁוֵייגֶען, אוּנְד װֶען מִיר װֶעלֶען װַארְטֶען
בִּיז דֶער מָארְגֶען װֶעט לִיכְטִיג װֶערֶען,
אַזױ װֶעט אוּנְס טְרֶעפֶען אֵיין שְׁטְרָאף,
אוּנְד אַצוּנְד לָאזֶען מִיר גֵיין, אוּנְד מִיר
װֶעלֶען קוּמֶען, אוּנְד מִיר װֶעלֶען עֶס
אָנְזָאגֶען אִין דֶעם הױז פוּן דֶעם קֶענִיג׃
10 אוּנְד װֶען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען,
הָאבֶּען זֵייא גֶערוּפֶען צוּ דֶעם טױעֶר־
װֶעכְטֶער פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעזָאגְט, אַזױ צוּ זָאגֶען,
מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם לַאגֶער
פוּן אַרָם, אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז קֵיינֶער
נִיט דָארְט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אוֹיךְ נִיט קֵיין
מֶענְשֶׁען שְׁטִימֶע, נֵייעֶרְט דִיא פֶערְד
אוּנְד דִיא אֵייזְלֶען זֶענֶען אָנְגֶעבוּנְדֶען,
אוּנְד דִיא גֶעצֶעלְטֶען זֶענֶען אַזױ וִויא
זֵייא װַארֶען׃
11 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען דִיא
טױעֶר־װֶעכְטֶער, דָאס זֵייא זָאלֶען עֶס
אָנְזָאגֶען אִין דֶעם הױז פוּן דֶעם מֶלֶךְ
אִינְוֵוייניג׃
12 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אִיז בֵּייא נַאכְט
אױפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט
צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט, אִיךְ װֶעל אֵייךְ זָא־
גֶען װָאס אַרָם הָאט צוּ אוּנְס גֶעטְהוּן,
זֵייא װֵייסֶען דָאס מִיר זֶענֶען הוּנְגֶעריג,
אַזױ זֶענֶען זֵייא אַרױסְגֶעגַאנְגֶען פוּן
דֶעם לַאגֶער, אוּם זִיךְ צוּ בֶּעהַאלְטֶען
אִין דֶעם פֶעלְד, אַזױ צוּ זָאגֶען, װֶען
זֵייא װֶעלֶען אַרױסְגֵיין פוּן דֶער שְׁטָאט,
װֶעלֶען מִיר זֵייא חַאפֶּען לֶעבֶּעדִיג,
אוּנְד מִיר װֶעלֶען קוּמֶען אִין דִיא
שְׁטָאט אַרֵיין׃
13 אוּנְד עֶס הָאט אֵיינֶער פוּן זֵיינֶע
קְנֶעכְט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, מֶען זָאל נֶעמֶען דִיא פִינְף

אִיבֶּערִיגֶע פֶערְד, וָואס זֶענֶען דָארְטֶען
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען,—זֶעה, זֵייא זֶענֶען
דַארִין אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא גַאנְצֶע
גֶעמֵיינְדֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס זֵייא
זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען,—אוּנְד מִיר וֶועלֶען
אַהִין שִׁיקֶען אוּנְד מִיר וֶועלֶען זֶעהֶען׃
14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען צְוֵוייא
רֵייטְוֶועגֶען מִיט פֶערְד, אוּנְד דֶער קֶענִיג
הָאט זֵייא גֶעשִׁיקְט נָאךְ דֶעם לַאגֶער
פוּן אֲרָם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גֵייט אוּנְד
זֶעהְט׃
15 אוּנְד אַלְס זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען
נָאךְ זֵייא בִּיז צוּ דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד זֶעה,
דֶער גַאנְצֶער וֶועג וַואר פוּל מִיט קְלֵיידֶער
אוּנְד כֵּלִים, וָואס אֲרָם הָאט אַוֶועקְגֶע־
וָוארְפֶען אִין זֵייעֶר אֵיילִקֵייט; אוּנְד
דִיא שְׁלוּחִים הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ
דֶעם מֶלֶךְ׃
16 אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָאס לַאגֶער
פוּן אֲרָם בֶּערוֹיבְּט, אוּנְד עֶס אִיז גֶע־
וֶועזֶען אַיין סְאָה זֶעמֶעל־מֶעהְל פַאר
אַיין שֶׁקֶל, אוּנְד צְוֵוייא סְאָה גֶערְשְׁטֶען
פַאר אַיין שֶׁקֶל, נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן
דֶעם הַאר׃
17 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט בֶּעפוֹילֶען
דֶעם הוֹיפְּטמַאן, וָואס עֶר הָאט זִיךְ
אוֹיף זֵיינֶע הַאנְד אָנְגֶעלֶעהְנְט, אִיבֶּער
דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאבֶּען
אִיהְם אִין דֶעם טוֹיעֶר צוּטְרֶעטֶען, אוּנְד
עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, וִויא דֶער גֶעטְ־
לִיכֶער מַאן הָאט גֶערֶעט, וֶוען עֶר
הָאט גֶערֶעט אַלְס דֶער מֶלֶךְ אִיז צוּ
אִיהְם אַרָאפְּגֶעקוּמֶען׃
18 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס דֶער
גֶעטְלִיכֶער מַאן הָאט גֶערֶעט צוּ דֶעם
מֶלֶךְ אַזוֹי צוּ זָאגֶען, צְוֵוייא סְאָה גֶערְ־
שְׁטֶען וֶועט זֵיין פַאר אַיין שֶׁקֶל, אוּנְד
אַיין סְאָה זֶעמֶעל־מֶעהְל וֶועט זֵיין פַאר
אַיין שֶׁקֶל, מָארְגֶען אִין דֶער צֵייט אִין
דֶעם טוֹיעֶר פוּן שֹׁמְרוֹן׃
19 אַזוֹי הָאט דֶער הוֹיפְּטמַאן גֶע־
עֶנְטְפֶערְט דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, וֶוען דֶער הַאר
וֶועט מַאכֶען פֶענְסְטֶער אִין דֶעם הִימֶעל,
וֶועט דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ גֶעשֶׁעהֶען? הָאט
עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, מִיט דֵיינֶע
אוֹיגֶען וֶועסְט דוּא עֶס זֶעהֶען, אָבֶּער
דוּא וֶועסְט נִיט דַאפוּן עֶסֶען׃
20 אוּנְד עֶס אִיז אִיהְם אַזוֹי גֶעוֶועזֶען,
דֶען דָאס פָאלְק הָאט אִיהְם אִין דֶעם
טוֹיעֶר צוּטְרֶעטֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶע־
שְׁטָארְבֶּען׃

## קאפיטעל ח

1 אוּנְד אֱלִישָׁע הָאט גֶערֶעט צוּ דִיא
פְרוֹיא וָואס עֶר הָאט אִיהְר זוּהְן לֶעבֶּעדִיג
גֶעמַאכְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, שְׁטֵייא אוֹיף,
אוּנְד גֵייא, דוּא מִיט דֵיין הוֹיז, אוּנְד
וְואוֹין וְואוּ דוּא וֶועסְט קֶענֶען וְואוֹינֶען,
וָוארִין דֶער הַאר הָאט גֶערוּפֶען אַ הוּנְ־
גֶער, אוּנְד עֶס וֶועט אוֹיךְ קוּמֶען אִין דֶעם
לַאנְד זִיבֶּען יָאהְר לַאנְג׃
2 אוּנְד דִיא פְרוֹיא אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַא־
נֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעטְהוּן נָאךְ דֶעם
וָוארְט פוּן דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן, אוּנְד
זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט אִיהְר הוֹיז־
גֶעזִינְד, אוּנְד זִיא הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין
דֶעם לַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים זִיבֶּען
יָאהְר׃
3 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַם עֶנְדֶע
פוּן זִיבֶּען יָאהְר, הָאט זִיךְ דִיא פְרוֹיא
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט פוּן דֶעם לַאנְד פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים, אַזוֹי אִיז זִיא אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען

צוּ שְׁרֵייעֶן צוּ דֶעם מֶלֶךְ וֶועגֶען אִיהְר
הויז, אוּנְד וֶועגְען אִיהְר פֶעלְד:
4 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶערֶעט מִיט
גֵחֲזִי דֶעם יוּנְג פוּן דֶעם גֶעטְלִיכֶען
מַאן, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶערְצֵיילְט דָאךְ
מִיר אַלֶע גְרויסֶע וֶוערְק, וָואס אֱלִישָׁע
הָאט גֶעטְהוּן:
5 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס עֶר
הָאט עֶס דֶערְצֵיילְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, דָאס
וָואס עֶר הָאט לֶעבֶּעדִיג גֶעמַאכְט דֶעם
טוֹיטֶען, אוּנְד זֶעה, דִיא פְרוֹיא וָואס
עֶר הָאט אִיהְר זוּהְן לֶעבֶּעדִיג גֶעמַאכְט,
שְׁרֵייט צוּ דֶעם מֶלֶךְ וֶועגֶען אִיהְר הויז
אוּנְד וֶועגֶען אִיהְר פֶעלְד, הָאט גֵחֲזִי
גֶעזָאגְט, מֵיין הַאר מֶלֶךְ, דָאס אִיז דִיא
פְרוֹיא, אוּנְד דָאס אִיז אִיהְר זוּהְן, וָואס
אֱלִישָׁע הָאט לֶעבֶּעדִיג גֶעמַאכְט:
6 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעפְרֶעגְט בֵּייא
דִיא פְרוֹיא, אוּנְד זִיא הָאט אִיהם דֶערְ־
צֵיילְט, אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט אִיהְר
גֶעגֶעבֶּען אֵיין בֶּעדִינְטֶען, אַזוֹי צוּ זָא־
גֶען, גִיבּ צוּרִיק אַלֶעס וָואס גֶעהֶערְט
צוּ אִיהְר, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע תְּבוּאוֹת
פוּן דֶעם פֶעלְד, פוּן דֶעם טָאג וָואס
זִיא הָאט פֶערְלָאזֶען דָאס לַאנְד, בִּיז
אַצוּנְד:
7 אוּנְד אֱלִישָׁע אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ
דַמֶשֶׂק, אוּנְד בֶּן הֲדַד דֶער מֶלֶךְ פוּן אֲרָם
אִיז קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען, אוּנְד מֶען הָאט
אִיהְם אָנְגֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער
גֶעטְלִיכֶער מַאן אִיז אַהֶערְגֶעקוּמֶען:
8 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
חֲזָהאֵל, נֶעם אִין דֵיינֶע הַאנְד אֵיין
גֶעשַׁאנְק, אוּנְד גֵייא עֶנְטְקֶעגֶען דֶעם
גֶעטְלִיכֶען מַאן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דוּרְךְ
אִיהְם פָארְשֶׁען דֶעם הַאר, אַזוֹי צוּ זָא־
גֶען, וֶועל אִיךְ גֶעזוּנְד וֶוערֶען פוּן מֵיינֶע
קְרַאנְקְהֵייט?
9 אוּנְד חֲזָאֵל אִיז גֶעגַאנְגֶען, אִיהְם
עֶנְטְקֶעגֶען, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען אֵיין
גֶעשַׁאנְק אִין זֵיינֶע הַאנְד, אַלֶערְלֵייא
גוּטֶעס פוּן דַמֶשֶׂק, אֵיין לַאסְט אוֹיף
פִירְצִיג קַאמֶעלֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶע־
קוּמֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ פַאר אִיהְם
גֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
דֵיין זוּהְן בֶּן הֲדַד דֶער מֶלֶךְ פוּן אֲרָם,
הָאט מִיךְ צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
וֶועל אִיךְ גֶעזוּנְד וֶוערֶען פוּן מֵיינֶע
קְרַאנְקְהֵייט?
10 אוּנְד אֱלִישָׁע הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, גֵייא זָאג אִיהְם, דוּא וֶועסְט
לֶעבֶּען, אָבֶּער דֶער הַאר הָאט מִיר
גֶעוִויזֶען, דָאס עֶר זָאל שְׁטַארְבֶּען:
11 אוּנְד עֶר הָאט זֵיין גֶעזִיכְט גֶע־
וֶוענְדֶעט, אוּנְד הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן לַאנְג,
אוּנְד דֶער גֶעטְלִיכֶער מַאן הָאט
גֶעוֵויינְט:
12 אוּנְד חֲזָאֵל הָאט גֶעזָאגְט, וָוארוּם
וֵויינְט מֵיין הַאר? אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זָאגְט, אִיךְ וֵוייס וָואס פַאר שְׁלֶעכְטֶעס
דוּא וֶועסְט טְהוּן צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן
יִשְׂרָאֵל, זֵייעֶרֶע פֶעסְטוּנְגֶען וֶועסְט דוּא
מִיט פֵייעֶר פֶערְבְּרֶענְגֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע
יוּנְגֶע לֵייט וֶועסְט דוּא דֶערְשְׁלָאגֶען
מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד זֵייעֶרֶע יוּנְגֶע
קִינְדֶער וֶועסְט דוּא צוּשְׁמֶעטֶערְן, אוּנְד
זֵייעֶרֶע שְׁוַואנְגֶערֶע פְרוֹיעֶן וֶועסְט דוּא
צֶערְשְׁפַּאלְטֶען:
13 אוּנְד חֲזָאֵל הָאט גֶעזָאגְט, וָואס,
אִיז דֵיין קְנֶעכְט דֶער הוּנְד, דָאס עֶר
זָאל דִיא דָאזִיגֶע גְרויסֶע זַאךְ טְהוּן?
אָבֶּער אֱלִישָׁע הָאט גֶעזָאגְט, דֶער הַאר
הָאט מִיר גֶעוִויזֶען, דָאס דוּא וֶועסְט זֵיין
אַ מֶלֶךְ אִיבֶּער אֲרָם:

14 אוּנְד עֶר אִיז אַוֶעקְגֶעגַאנְגֶען פוּן
אֱלִישָׁע, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זַיין
הַאר, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וָואס הָאט אֱלִישָׁע צוּ דִיר גֶעזָאגְט? עֶר
הָאט צוּמִיר גֶעזָאגְט אַז דוּא וֶועסְט לֶעבֶּען:
15 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף
מָארְגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶענוּמֶען דִיא
דֶעק, אוּנְד הָאט עֶס אַיינְגֶעטוּנְקְט אִין
וַואסֶער, אוּנְד הָאט פֶערְשְׁפְּרֵייט אוֹיף
זַיין פָּנִים, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְ־
בֶּען, אוּנְד חֲזָהאֵל הָאט רֶעגִירֶערְט
אַנְשְׁטָאט אִיהְם:

16 אוּנְד אִין דֶעם פִינְפְטֶען יָאהְר פוּן
יוֹרָם דֶעם זוּהְן פוּן אַחְאָב, דֶעם מֶלֶךְ
פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד יְהוֹשָׁפָט דֶעם מֶלֶךְ
פוּן יְהוּדָה, הָאט רֶעגִירֶערְט יְהוֹרָם דֶער
זוּהְן פוּן יְהוֹשָׁפָט דֶעם מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה:
17 צְוֵויא אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר אִיז עֶר
אַלְט גֶעוֶועזֶען אַלְס עֶר אִיז גֶעוָוארֶען
מֶלֶךְ, אוּנְד אַכְט יָאהְר הָאט עֶר רֶע־
גִירֶערְט אִין יְרוּשָׁלַיִם:

18 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם
וֶועג פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי
וִויא דָאס הוֹיז פוּן אַחְאָב הָאבֶּען גֶע־
טְהוּן, וָוארִין דִיא טָאכְטֶער פוּן אַחְאָב
הָאט עֶר גֶעהַאט פַאר אַיין וַוייבּ, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעטְהוּן וָואס וַואר שְׁלֶעכְט אִין
דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר:
19 אָבֶּער דֶער הַאר הָאט נִיט
גֶעוָואלְט פֶערְדַארְבֶּען יְהוּדָה פוּן
וֶועגֶען זַיין קְנֶעכְט דָוִד, אַזוֹי וִויא
עֶר הָאט אִיהְם צוּגֶעזָאגְט, צוּ גֶעבֶּען
צוּ אִיהְם אַ לִיכְט צוּ זַיינֶע קִינְדֶער
אַלֶע טֶעג:
20 אִין זַיינֶע צַייטֶען הָאט אֱדוֹם
וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט פוּן אוּנְטֶער דֶער
הַאנְד פוּן יְהוּדָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אִיבֶּער זִיךְ גֶעמַאכְט קֶענִיגֶען אַ מֶלֶךְ:
21 אוּנְד אַרָם אִיז דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען
צָעִיר אוּנְד אַלֶע רֵייטְוֶועגֶען מִיט אִיהְם,
אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא נַאכְט,
אוּנְד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען אֱדוֹם, וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַרוּם אִיהְם, אוּנְד אוֹיךְ
דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא רֵייטְוֶועגֶען,
אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז אַנְטְלָאפֶען צוּ
זַיינֶע גֶעצֶעלְטֶען:
22 אוּנְד אֱדוֹם הָאט וִוידֶערְגֶע־
שְׁפֶּענִיגְט פוּן אוּנְטֶער דֶער הַאנְד
פוּן יְהוּדָה בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען
טָאג, אוֹיךְ לִבְנָה הָאט דַאמָאלְס
וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט אִין יֶענֶער צֵייט:
23 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען וֶועגֶען
יוֹרָם, אוּנְד וֶועגֶען אַלֶעס וָואס עֶר הָאט
גֶעטְהוּן, זֶענֶען זַייא נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען
אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דִבְרֵי הַיָמִים פוּן
דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה?
24 אוּנְד יוֹרָם הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט
זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד עֶר אִיז בֶּעגְרָאבּ־
בֶּען גֶעוָוארֶען בֵּייא זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אִין
דִיא שְׁטָאט פוּן דָוִד, אוּנְד זַיין זוּהְן
אַחַזְיָהוּ הָאט רֶעגִירֶערְט אַנְשְׁטָאט
אִיהְם:
25 אִין דֶעם צְוֶועלְפְטֶען יָאהְר פוּן
יוֹרָם דֶעם זוּהְן פוּן אַחְאָב, דֶעם מֶלֶךְ
פוּן יִשְׂרָאֵל, הָאט אַחַזְיָהוּ דֶער מֶלֶךְ פוּן
יְהוּדָה רֶעגִירֶערְט:
26 צְוֵויא אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר אִיז
אַחַזְיָהוּ אַלְט גֶעוֶועזֶען, אַלְס עֶר אִיז
גֶעוָוארֶען מֶלֶךְ, אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִירֶערְט
אַיין יָאהְר אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער
נָאמֶען פוּן זַיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען
עֲתַלְיָהוּ דִיא טָאכְטֶער פוּן עָמְרִי דֶער
מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל:
27 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם

וֶועג פוּן אַחְאָב, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן וָואס וַואר שְׁלֶעכְט אִין דִיא
אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי וִויא דָאס
הויז פוּן אַחְאָב, וָוארִין עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען
אַן אֵיידֶעם אִין דֶעם הויז פוּן אַחְאָב:
28 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט יוֹרָם
דֶעם זוּהְן פוּן אַחְאָב אִין דֶעם שְׁטְרֵייט
קֶעגֶען חֲזָאֵל, דֶעם מֶלֶךְ פוּן אֲרָם, אִין
רָמוֹת גִלְעָד, אוּנְד דִיא אֲרַמִים הָאבֶּען
דֶעם יוֹרָם גֶעשְׁלָאגֶען:
29 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ יוֹרָם הָאט צוּרִיקְ־
גֶעקֶעהְרְט זִיךְ צוּ הֵיילֶען אִין יִזְרְעֶאל
פוּן דִיא שְׁלֶעג, וָואס דִיא אֲרַמִים הָא־
בֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען אִין רָמָה, אַלְס
עֶר הָאט גֶעשְׁטְרִיטֶען מִיט חֲזָהאֵל דֶעם
מֶלֶךְ פוּן אֲרָם, אוּנְד אֲחַזְיָהוּ דֶער זוּהְן
פוּן יְהוֹרָם, דֶער מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה, אִיז
אַרָאפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ זֶעהֶען יוֹרָם דֶעם
זוּהְן פוּן אַחְאָב אִין יִזְרְעֶאל, וָוארִין עֶר
אִיז קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען:

## קאפיטעל ט

1 אוּנְד דֶער נָבִיא אֱלִישָׁע הָאט גֶער־
רוּפֶען צוּ אֵיינֶעם פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן
דִיא נְבִיאִים, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, גִירְט אָן דֵיינֶע לֶענְדֶען, אוּנְד
נֶעם דֶעם אֵיילקְרוּג אִין דֵיינֶע הַאנְד,
אוּנְד גֵייא נָאךְ רָמוֹת גִלְעָד:
2 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט דָארְטֶען
קוּמֶען, וֶועסְט דוּא זֶעהֶען יֵהוּא דֶעם זוּהְן
פוּן יְהוֹשָׁפָט, דֶער זוּהְן פוּן נִמְשִׁי, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט אַרֵיינְגֵיין, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
אִיהְם הֵייסֶען אוֹיפְשְׁטֵיין פוּן זֵיינֶע
בְּרִידֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם
אַרֵיינְפִיהְרֶען פוּן אֵיין קַאמֶער אִין אֵיין
אַנְדֶערֶע קַאמֶער:
3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען דֶעם אֵייל־
קְרוּג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס אוֹיסְגִיסֶען
אוֹיף זֵיין קָאפּ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָא־
גֶען, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, אִיךְ
הָאבּ דִיךְ גֶעזַאלְבְּט פַאר אַ קֶענִיג אִיבֶּער
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶפֶענֶען דִיא
טְהִיר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶנְטְלוֹיפֶען,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט וַוארְטֶען:
4 אוּנְד דֶער יוּנְג אִיז גֶעגַאנְגֶען,—דֶער
יוּנְג, דֶער נָבִיא—נָאךְ רָמוֹת גִלְעָד:
5 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֶעה,
דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם חַיִל זֶענֶען
גֶעזֶעסֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ
הָאבּ דִיר וָואס צוּ זָאגֶען, הוֹיפְּטְמַאן,
אוּנְד יֵהוּא הָאט גֶעזָאגְט, צוּ וֶועלְכֶען
פוּן אוּנְטֶער אוּנְס אַלֶע? אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, צוּ דִיר הוֹיפְּטְמַאן:
6 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם הויז,
אוּנְד עֶר הָאט גֶענָאסֶען אֵייל אוֹיף
זֵיין קָאפּ, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר,
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיךְ הָאבּ דִיךְ
גֶעזַאלְבְּט פַאר אֵיין קֶענִיג אִיבֶּער דֶעם
פָאלְק פוּן דֶעם הַאר, אִיבֶּער דִיא
יִשְׂרָאֵל:
7 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שְׁלָאגֶען דָאס הוֹיזְ־
גֶעזִינְד פוּן אַחְאָב דֵיין הַאר, אוּנְד אִיךְ
וֶועל מִיךְ נוֹקֵם זֵיין וֶועגֶען דֶעם בְּלוּט פוּן
מֵיינֶע קְנֶעכְט, דִיא נְבִיאִים, אוּנְד וֶועגֶען
דֶעם בְּלוּט פוּן אַלֶע קְנֶעכְט פוּן דֶעם
הַאר, פוּן דֶער הַאנְד פוּן אִיזֶבֶל:
8 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
אַחְאָב וֶועט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען, אוּנְד
אִיךְ וֶועל פֶערְטִילְגֶען צוּ אַחְאָב אוֹיךְ
דֶעם וָואס פִּיסְט אַן דִיא וַואנְד, אוּנְד
דֶעם פֶערְשְׁלָאסֶענֶעם, אוּנְד דֶעם
פֶערְלָאזֶענֶעם אִין יִשְׂרָאֵל:
9 אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען דָאס הויז

פון אַחְאָב אַזוי וִויא דָאס הויז פון
יָרָבְעָם דֶעם זוּהְן פון נְבָט, אוּנְד וִויא
דָאס הויז פון בַּעשָׁא דֶעם זוּהְן פון
אֲחִיָה׃
10 אוּנְד דִיא הִינְד זָאלֶען אִיזֶבֶל
פְרֶעסֶען אויף דֶעם פֶעלְד אִין יִזְרְעֶאל,
אוּנְד קֵיינֶער זָאל זִיא נִיט בֶּעגְרָאבֶּען.
אוּנְד עֶר הָאט אויפְגֶעמַאכְט דִיא טְהִיר
אוּנְד עֶר אִיז עֶנְטְלָאפֶען׃
11 אוּנְד אַלְס יֵהוּא אִיז אַרויסְגֶעגַ־
גַאנְגֶען צוּ דִיא קְנֶעכְט פון זֵיין הַאר,
אוּנְד מֶען הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיז
עֶס פְרִידֶען? וָוארוּם אִיז דֶער מְשֻׁגָע
צוּ דִיר גֶעקוּמֶען? אוּנְד עֶר הָאט צוּ
זַייא גֶעזָאגְט, אִיהְר קֶענְט דָאךְ דֶעם
מַאן אוּנְד זַיינֶע רֵייד׃
12 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס אִיז
פַאלְשׁ, זָאג אוּנְס דָאךְ, אוּנְד עֶר הָאט
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אַזוי אוּנְד אַזוי הָאט
עֶר צוּ מִיר גֶעזָאגְט, אַזוי צוּ זָאגֶען,
אַזוי הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר, אִיךְ
הָאבּ דִיךְ גֶעזַאלְבְּט פַאר אַ קֶענִיג
אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל׃
13 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעאֵיילְט אוּנְד
זַייא הָאבֶּען אִיטְלִיכֶער גֶענוּמֶען זֵיין
קְלֵייד, אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעלֵייגְט
אוּנְטֶער אִיהְם אויף דִיא הויכֶע טְרֶעפּ,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען מִיט אַ
שׁוֹפָר, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
יֵהוּא אִיז קֶענִיג גֶעוָוארֶען׃
14 אוּנְד יֵהוּא דֶער זוּהְן פון יְהוֹשָׁפָט
דֶעם זוּהְן פון נִמְשִׁי, הָאט גֶעמַאכְט אַ
בּוּנְד אויף יוֹרָם, אוּנְד יוֹרָם הָאט זִיךְ
גֶעהִיט אִין רָמוֹת גִלְעָד, עֶר אוּנְד
גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, פַאר חֲזָאֵל דֶעם קֶענִיג
פון אֲרָם׃
15 אוּנְד דֶער קֶענִיג יְהוֹרָם הָאט זִיךְ
צוּריקְגֶעקֶעהְרְט, אוּם זִיךְ צוּ הֵיילֶען
אִין יִזְרְעֶאל פון דִיא שְׁלֶעג וָואס דִיא
אֲרַמִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אַלְס
עֶר הָאט גֶעשְׁטְרִיטֶען מִיט חֲזָאֵל דֶעם
קֶענִיג פון אֲרָם. אוּנְד יֵהוּא הָאט גֶע־
זָאגְט, אויבּ אִיךְ אִיז בֶּעוִוילִיגְט, אַזוי זָאל
נִיט אַרויסְגֵיין אֵיין עֶנְטְרִינֶענֶער פון
דֶער שְׁטָאט, דָאס עֶר זָאל גֵיין אוּנְד
עֶס אָנְזָאגֶען אִין יִזְרְעֶאל׃
16 אוּנְד יֵהוּא הָאט גֶערִיטֶען, אוּנְד
עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ יִזְרְעֶאל, וָוארִין
יוֹרָם אִיז דָארְטֶען גֶעוֶועזֶען, אוּנְד
אֲחַזְיָהוּ דֶער קֶענִיג פון יְהוּדָה אִיז
אַרָאפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ זֶעהֶען דֶעם יוֹרָם׃
17 אוּנְד דֶער וָועכְטֶער אִיז גֶעשְׁטַא־
נֶען אויף דֶעם טְהוּרֶעם, אוּנְד אַלְס
עֶר הָאט דֶערְזֶעהֶען דִיא פֶערזַאמְלוּנְג
פון יֵהוּא קוּמֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
אִיךְ זֶעה אֵיינֶע פֶערְזַאמְלוּנְג; אוּנְד
יְהוֹרָם הָאט גֶעזָאגְט, נֶעם אַ רֵייטֶער,
אוּנְד שִׁיק צוּ זַייא עֶנְטְקֶעגֶען, אוּנְד
עֶר זָאל זָאגֶען, אויבּ עֶס אִיז פְרִידֶען?
18 אוּנְד דֶער רֵייטֶער אויף דֶעם
פֶערְד אִיז אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוי הָאט
דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט, אִיז עֶס פְרִידֶען?
אָבֶּער יֵהוּא הָאט גֶעזָאגְט, וָואס גֵייט
דִיךְ אָן פְרִידֶען? וֶוענְדֶע דִיךְ הִינְטֶער
מִיר, אוּנְד דֶער וָועכְטֶער הָאט אָנְגֶע־
זָאגְט, אַזוי צוּ זָאגֶען, דֶער שָׁלִיחַ אִיז
צוּ זַייא אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ
נִיט צוּריקְגֶעקֶעהְרְט׃
19 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט אֵיין אַנְ־
דֶערֶען רֵייטֶער אויף אַ פֶערְד, אוּנְד
עֶר אִיז צוּ זַייא גֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, אַזוי הָאט דֶער קֶענִיג
גֶעזָאגְט, אִיז עֶס פְרִידֶען? אוּנְד יֵהוּא

הָאט גֶעזָאגְט, וָואס גֵייט דִיךְ אָן דֶער
פְרִידְען ? וֶוענְדֶע דִיךְ הִינְטֶער מִיר :
20 אוּנְד דֶער וֶועכְטֶער הָאט אָנְגֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, עֶר אִיז צוּ זֵייא
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ נִיט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד דָאס אָנְפִּיהְרֶען אִיז
וִויא דָאס אָנְפִּיהְרֶען פוּן יֵהוּא דֶעם
זוּהְן פוּן נִמְשִׁי, וָוארִין מִיט שִׁגָעוֹן
פִיהְרְט עֶר אָן דָאס פָאלְק :
21 אוּנְד יְהוֹרָם הָאט גֶעזָאגְט, שְׁפַּאן
אֵיין, אוּנְד עֶר הָאט אֵיינְגֶעשְׁפַּאנְט
זַיין וָואגֶען, אוּנְד יְהוֹרָם דֶער קֶענִיג
פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אַחַזְיָהוּ דֶער קֶענִיג
פוּן יְהוּדָה, זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אִיטְלִיכֶער אִין זַיין וָואגֶען, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען עֶנְטְקֶעגֶען יֵהוּא,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעטְרָאפֶען
אוֹיף דֶעם פֶעלְד פוּן נָבוֹת הַיִזְרְעֶאלִי :
22 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס
יְהוֹרָם הָאט דֶערְזֶעהֶען דֶעם יֵהוּא,
הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אִיז עֶס פְרִידֶען,
יֵהוּא ? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס
פַאר פְרִידֶען ? וֶוען דִיא הוּרֶערַייא פוּן
דַיינֶער מוּטֶער אִיזֶבֶל, אוּנְד אִיהְרֶע
כִּישׁוּף, זֶענֶען אַלְס גְרֶעסֶער :
23 אוּנְד יְהוֹרָם הָאט אוּמְגֶעקֶעהְרְט
זַיינֶע הֶענְד, אוּנְד עֶר אִיז עֶנְטְלָאפֶען
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַחַזְיָהוּ, עֶס
אִיז אֵיינֶע בֶּעטְרִיגֶערַייא, אַחַזְיָהוּ :
24 אוּנְד יֵהוּא הָאט אָנְגֶעגְרִיפֶען דֶעם
בּוֹיגֶען מִיט זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעשְׁלָאגֶען יְהוֹרָם צְווִישֶׁען זַיינֶע
אָרֶעמְס, אוּנְד דִיא פַייל אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ זַיין הַארְץ, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעקְנִיעֶט אִין זַיין וָואגֶען :
25 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין
הוֹיפְּטְמַאן בִּדְקַר, נֶעם אוּנְד וַוארְף
אִיהְם אִין דֶעם אַקֶערְפֶעלְד פוּן נָבוֹת
הַיִזְרְעֶאלִי, וָוארִין גֶעדֶענְק, וֶוען דוּא
אוּנְד אִיךְ זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶערִיטֶען
נָאךְ זַיין פָאטֶער אַחְאָב, דָאס דֶער
הַאר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אִיבֶּער אִיהְם
דִיא דָאזִיגֶע לַאסְט (נְבוּאָה) :
26 הָאבּ אִיךְ דֶען נִיט גֶעכְטֶען גֶעזֶעהֶען דָאס בְּלוּט פוּן נָבוֹת אוּנְד דָאס
בְּלוּט פוּן זַיינֶע קִינְדֶער, זָאגְט דֶער
הַאר, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיר בֶּעצָאהְלֶען
אִין דֶעם דָאזִיגֶען אַקֶערְפֶעלְד, זָאגְט
דֶער הַאר ; אוּנְד אַצוּנְד נֶעם אוּנְד
וַוארְף אִיהְם אִין דֶעם אַקֶערְפֶעלְד, נָאךְ
דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר :
27 אוּנְד אַלְס אַחַזְיָהוּ דֶער קֶענִיג פוּן
יְהוּדָה הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, אִיז עֶר
עֶנְטְלָאפֶען דוּרְךְ דֶעם וֶועג צוּ דֶעם
הוֹיז פוּן גָארְטֶען, אָבֶּער יֵהוּא הָאט
נָאךְ אִיהְם נָאכְגֶעיָאגְט, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, שְׁלָאגְט אִיהְם אוֹיךְ אוֹיף דֶעם
וָואגֶען, (אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטְהוּן) אַן דֶער הוֹיךְ פוּן גוּר, וָואס
אִיז בֵּייא יִבְלְעָם, אוּנְד עֶר אִיז עֶנְטְלָאפֶען נָאךְ מְגִדוֹ, אוּנְד עֶר אִיז דָארְטֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען :
28 אוּנְד זַיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען אִיהְם
גֶעפִיהְרְט נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין זַיין קֶבֶר
בֵּייא זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אִין דֶער שְׁטָאט
פוּן דָוִד :
29 אוּנְד אִין דֶעם עֶלְפְטֶען יָאהְר פוּן
יוֹרָם, דֶעם זוּהְן פוּן אַחְאָב, הָאט
אַחַזְיָהוּ רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער יְהוּדָה :
30 אוּנְד יֵהוּא אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ
יִזְרְעֶאל, אוּנְד וֶוען אִיזֶבֶל הָאט עֶס דֶערְהֶערְט, הָאט זִיא זִיךְ גֶעפַארְבְּט אִיהְרֶע
אוֹיגֶען (אָנְגֶעזִיכְט), אוּנְד הָאט

אויסְגֶעצִיעֶרְט אִיהְר קָאפּ, אוּנְד הָאט
גֶעקוּקְט דוּרְךְ דָאס פֶּענְסְטֶער, :

31 אוּנְד וֶוען יֵהוּא אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְ־
גֶען דוּרְךְ דָאס טוֹיעֶר, הָאט זִיא
גֶעזָאגְט, אִיז עֶס בְּשָׁלוֹם גֶעגַאנְגֶען
מִיט זִמְרִי וָואס הָאט דֶערְשְׁלָאגֶען זַיין
הַאר ?

32 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיין
אָנְגֶעזִיכְט צוּ דֶעם פֶּענְסְטֶער, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער הַאלְט מִיט
מִיר ? אַזוֹי הָאבֶּען אַרוּפְּגֶעקוּקְט צְוֵויא
אָדֶער דְרַייא קֶנֶעכְט :

33 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וַוארְפְט
זִיא אַרוּפּ, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיא
אַרוּפְּגֶעוָוארְפֶען, אוּנְד פוּן אִיהְר בְּלוּט
הָאט גֶעשְׁפְּרִיצְט אוֹיף דִיא וַואנְד אוּנְד
אוֹיף דִיא פֶערְד, אוּנְד עֶר הָאט זִיא
צוּטְרֶעטֶען :

34 אוּנְד עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶע־
טְרוּנְקֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
בֶּעדֶענְקְט דָאךְ דִיא דָאזִיגֶע פַארְ־
פְלוּכְטֶע, אוּנְד בֶּעגְרָאבְט זִיא, וָוארִין
זִיא אִיז אֵיינֶע טָאכְטֶער פוּן אַ קֶענִיג :

35 אוּנְד אַז זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען
זִיא צוּ בֶּעגְרָאבֶּען, הָאבֶּען זַייא פוּן
אִיהְר נִיט מֶעהְר גֶעפוּנֶען, אַייעֶרְט דֶעם
שֵׁייטֶעל אוּנְד דִיא פִּיס, אוּנְד דִיא
בַּאלֶען פוּן דִיא הֶענְד :

36 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיקְ־
גֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס אִיהְם
גֶעזָאגְט. אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס
אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, וָואס
עֶר הָאט גֶערֶעט דוּרְךְ זַיין קְנֶעכְט
אֵלִיָהוּ הַתִּשְׁבִּי, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אוֹיף
דֶעם אַקֶערְפֶעלְד פוּן יִזְרְעֶאל, זָאלֶען
דִיא הִינְד פְרֶעסֶען דָאס פְלֵייש פוּן

אִיזֶבֶל :

37 אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער טוֹיטֶער
קֶערְפֶּער פוּן אִיזֶבֶל וִויא מִיסְט אוֹיף
דֶעם פֶעלְד, אִין דֶעם אַקֶערְפֶעלְד אִין
יִזְרְעֶאל, דָאס מֶען הָאט נִיט גֶעקֶענְט
זָאגֶען, דָאס אִיז אִיזֶבֶל :

קאפיטעל י

1 אוּנְד אַחְאָב הָאט גֶעהַאט זִיבֶּעצִיג
זִיהְן אִין שֹׁמְרוֹן, אוּנְד יֵהוּא הָאט גֶע־
שְׁרִיבֶּען בְּרִיף, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט
נָאךְ שֹׁמְרוֹן צוּ דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן
דֶער שְׁטָאט יִזְרְעֶאל, צוּ דִיא עֶלְטֶסְטֶע,
אוּנְד צוּ דִיא עֶרְצִיהֶער פוּן אַחְאָב,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען :

2 אוּנְד אַצוּנְד, וֶוען עֶס וֶועט דֶער
דָאזִיגֶער בְּרִיף צוּ אֵייךְ קוּמֶען, וָוארִין
בֵּייא אֵייךְ זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן אֵייעֶר
הַאר, אוּנְד בֵּייא אֵייךְ זֶענֶען דִיא
וֶועגֶען אוּנְד פֶערְד, דִיא פֶעסְטֶע שְׁטֶעט
אוּנְד דָאס גֶעוֶוער :

3 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר זֶעהֶען, דֶעם
בֶּעסְטֶען אוּנְד דֶעם רֶעכְטפַארְטִיגְסְטֶען
פוּן דִיא זִיהְן פוּן אֵייעֶר הַאר, זָאלְט
אִיהְר אִיהְם זֶעצֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל
פוּן זַיין פָאטֶער, אוּנְד אִיהְר זָאלְט
שְׁטְרֵייטֶען פַאר דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
אֵייעֶר הַאר :

4 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער זֶעהְר
גֶעפָארְכְטֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶע־
זָאגְט, זֶעה, דִיא צְוֵויא קֶענִיגֶע זֶענֶען
פַאר אִיהְם נִיט בֶּעשְׁטַאנֶען, וִויא אַזוֹי
וֶועלֶען מִיר בֶּעשְׁטֵיין ?

5 אוּנְד דֶער וָואס אִיז אִיבֶּער דָאס
הוֹיז, אוּנְד אִיבֶּער דִיא שְׁטָאט, אוּנְד
אוֹיךְ דִיא עֶלְטֶסְטֶע אוּנְד דִיא עֶרְצִיהֶער,
הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט צוּ יֵהוּא, אַזוֹי צוּ זָא־
גֶען, מִיר זֶענֶען דֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד

אלעם

אַלֶעס וָואס דוּא וֶועסְט אוּנְס זָאגֶען,
וֶועלֶען מִיר טְהוּן, מִיר וֶועלֶען קֵיינֶעם
נִיט מַאכֶען צוּ אֵיין קֶענִיג, טְהוּא וָואס
דִיר גֶעפֶעלְט אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען׃
6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעשְׁרִיבֶּען
אֵיין צְוֵוייטֶען בְּרִיף, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
אוֹיבּ אִיהְר זַייט מֵיינֶע, אוּנְד אִיהְר
הָארְכְט צוּ מֵיינֶע שְׁטִימֶע, אַזוֹי זָאלְט
אִיהְר גֶענֶעמֶען דִיא קֶעפּ פוּן דִיא מֶע־
נֶער, דִיא זִיהְן פוּן אֵייעֶר הַאר, אוּנְד
אִיהְר זָאלְט קוּמֶען צוּ מִיר מָארְגֶען
אִין דֶער צֵייט נָאךְ יִזְרְעֶאל. אוּנְד דִיא
זִיהְן פוּן דֶעם קֶענִיג וָוענֶען זִיבֶּעצִיג
מַאן, אוּנְד דִיא גְרֶעסְטֶע פוּן דֶער
שְׁטָאט הָאבֶּען זֵייא עֶרְצוֹיגֶען׃
7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס דֶער
בְּרִיף אִיז צוּ זֵייא גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען
זֵייא גֶענוּמֶען דִיא זִיהְן פוּן דֶעם
קֶענִיג, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁלַאכְטֶעט
זִיבֶּעצִיג מַאן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶע־
לֵייגְט זֵייעֶרֶע קֶעפּ אִין אֵיין קָארְבּ,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס צוּ אִיהְם גֶע־
שִׁיקְט נָאךְ יִזְרְעֶאל׃
8 אוּנְד דֶער שְׁלִיחַ אִיז גֶעקוּמֶען,
אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט דִיא קֶעפּ
פוּן דִיא זִיהְן פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לֵייגְט זֵייא אִין
צְוֵוייא הוֹיפֶענְס אִין דֶעם אֵיינְגַאנְג פוּן
דֶעם טוֹיעֶר בִּיז צוּם פְרִיה מָארְגֶען׃
9 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַם פְרִיה
מָארְגֶען, אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, אִיהְר
זַייט גֶערֶעכְט, זֶעה, אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט
אֵיין בּוּנְד אוֹיף מֵיין הַאר, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ אִיהְם גֶעטֵייטְ, אָבֶּער וֶוער הָאט
גֶעשְׁלָאגֶען דִיזֶע אַלֶע ?
10 דֶערְקֶענְט דָאךְ, דָאס עֶס וֶועט נִיט
פַאלֶען קֵיין וָוארְט פוּן דֶעם הַאר צוּ
עֶרְד, וָואס דֶער הַאר הָאט גֶערֶעט
אִיבֶּער דֶעם הוֹיז פוּן אַחְאָב, אוּנְד דֶער
הַאר הָאט גֶעטְהוּן, דָאס וָואס עֶר הָאט
גֶערֶעט דוּרְךְ זֵיין קְנֶעכְט אֵלִיָהוּ׃
11 אוּנְד אַזוֹי הָאט יֵהוּא גֶעשְׁלָאגֶען
אַלֶע אִיבֶּערִיגֶע פוּן דֶעם הוֹיז פוּן
אַחְאָב, אִין יִזְרְעֶאל, אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע
גְרוֹיסֶע לֵייט, אוּנְד זֵיינֶע בֶּעקַאנְטֶע
(קְרוֹבִים) אוּנְד זֵיינֶע כֹּהֲנִים, בִּיז עֶר
הָאט צוּ אִיהְם נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען אֵיין
אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג׃
12 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּנְד אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶע־
קוּמֶען נָאךְ שֹׁמְרוֹן; אוּנְד עֶר אִיז
גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם פֶערְזַאמְלוּנְגְס הוֹיז
פוּן דִיא פַאסְטוּכֶער, אִין דֶעם וֶועג׃
13 אוּנְד יֵהוּא הָאט אָנְגֶעטְרָאפֶען דִיא
בְּרִידֶער פוּן אַחַזְיָהוּ דֶעם קֶענִיג פוּן
יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער
זֶענְט אִיהְר ? אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶע־
זָאגְט מִיר זֶענֶען דִיא בְּרִידֶער פוּן
אַחַזְיָהוּ, אוּנְד מִיר זֶענֶען אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען
צוּ בֶּעגְרִיסֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם
קֶענִיג, אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא
קֶענִיגִין׃
14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, חַאפְּט
זֵייא לֶעבֶּעדִיג, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא
גֶעחַאפְּט לֶעבֶּעדִיג; אוּנְד עֶר הָאט
זֵייא גֶעשְׁאכְטֶען בֵּייא דֶעם בְּרוּנֶען פוּן
דִיא פַאסְטוּכֶערְס הוֹיז, צְוֵוייא אוּנְד
פִירְצִיג מַאן, אוּנְד עֶר הָאט פוּן זֵייא
נִיט אֵיין אֵיינְצִיגֶען אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען׃
15 אוּנְד עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנד עֶר הָאט גֶעטְרָאפֶען

יְהוֹנָדָב דֶעם זוּהְן פוּן רֵכָב, אֶנְטְקֶעגֶען
איהְם, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם בֶּעגְרִיסְט,
אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיז
דַיין הַארְץ טְרֵייא, וְויא מֵיין הַארְץ
אִיז מִיט דַיין הַארְץ? אוּנְד יְהוֹנָדָב הָאט
גֶעזָאגְט, יָא, עֶס אִיז אַזוֹי, גִיבּ מִיר
דַיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶע־
גֶעבֶּען זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם
אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט צוּ זִיךְ אוֹיף דֶעם
וָואגֶען׃
16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, קוּם מִיט
מִיר, אוּנְד זֶעה מֵיין קִנְאָה וֶועגֶען דֶעם
הַאר, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעלָאזְט
פִיהְרֶען אִין זַיין וָואגֶען׃
17 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ
שֹׁמְרוֹן, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשְׁלָאגֶען אַלֶע
דִיא וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען צוּ
אַחְאָב אִין שֹׁמְרוֹן, בִּיז עֶר הָאט אִיהְם
פֶערְטִילִיגְט; נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר, וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ אֵלִיָהוּ׃
18 אוּנְד יֵהוּא הָאט פֶערְזַאמֶעלְט דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, אַחְאָב הָאט וֶוייניג גֶעדִינְט
דֶעם בַּעַל, אָבֶּער יֵהוּא וֶועט אִיהְם
מֶעהְר דִינֶען׃
19 אוּנְד אַצוּנְד, אַלֶע נְבִיאִים פוּן דֶעם
בַּעַל, אַלֶע דִיא וָואס דִינֶען אִיהְם
אוּנְד אַלֶע זַיינֶע כֹּהֲנִים לָאזְט רוּפֶען
צוּ מִיר, קֵיין אֵיינְצִיגֶער מֶענְשׁ זָאל נִיט
פֶעלֶען, וָוארִין אִיךְ הָאבּ אֵיינֶע גְרוֹיסֶע
שֶׁעכְטוּנְג צוּ דֶעם בַּעַל, דֶער וָואס
וֶועט פֶעלֶען זָאל נִיט לֶעבֶּען, אוּנְד
יֵהוּא הָאט עֶס גֶעטְהוּן מִיט אֵיין אַבּ־
זִיכְט כְּדֵי עֶר זָאל פֶערְנִיכְטֶען דִיא
וָואס דִינֶען צוּ דֶעם בַּעַל׃
20 אוּנְד יֵהוּא הָאט גֶעזָאגְט, הֵיילִיגְט
אֵיין פֶערְזַאמְלוּנְג פֶעסְט צוּ דֶעם
בַּעַל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעלָאזְט
אוֹיסְרוּפֶען׃
21 אוּנְד יֵהוּא הָאט גֶעשִׁיקְט נָאךְ
גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעקוּמֶען
אַלֶע וָואס דִינֶען דֶעם בַּעַל, אוּנְד עֶס
אִיז נִיט אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען קֵיין אֵיינְצִיגֶער
מֶענְשׁ, וָואס אִיז נִיט גֶעקוּמֶען. אוּנְד
זֵייא זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם
הוֹיז פוּן בַּעַל, אוּנְד דָאס הוֹיז פוּן בַּעַל
אִיז פוֹל גֶעוָוארֶען פוּן אֵיין עֶק בִּיז צוּ
דֶעם אַנְדֶערֶען עֶק׃
22 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, צוּ דֶעם
וָואס אִיז אִיבֶּער דֶעם קְלֵיידֶער־הוֹיז,
נֶעם אַרוֹיס דִיא קְלֵיידֶער פַאר אַלֶע
דִיא וָואס דִינֶען צוּ דֶעם בַּעַל, אוּנְד
עֶר הָאט פַאר זֵייא אַרוֹיסְגֶענוּמֶען דִיא
קְלֵיידֶער׃
23 אוּנְד יֵהוּא אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם
הוֹיז פוּן בַּעַל, מִיט יְהוֹנָדָב דֶעם זוּהְן
פוּן רֵכָב, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דִיא וָואס דִינֶען דֶעם בַּעַל, זוּכְט אוּנְד
זֶעהְט, טָאמֶער אִיז דָא מִיט אֵייךְ פוּן
דִיא וָואס דִינֶען דֶעם הַאר, נֵייעֶרְט
דִיא דִינֶער פוּן בַּעַל אַלֵיין׃
24 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ
מַאכֶען שֶׁעכְטוּנְגֶען אוּנְד בְּרַאנְד־אָפְּפֶער,
אוּנְד יֵהוּא הָאט זִיךְ אִין דְרוֹיסֶען אָנְגֶ־
גֶעשְׁטֶעלְט אַכְטְצִיג מַאן, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, דֶער מֶענְשׁ וָואס וֶועט עֶנְטְ־
רוּנֶען וֶוערֶען פוּן דִיא מֶענְשֶׁען וָואס
אִיךְ בְּרֶענְג אוֹיף אֵייעֶרֶע הֶענְד, זַיין לֶעבֶּען
וֶועט זַיין אַנְשְׁטָאט זַיין לֶעבֶּען׃
25 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס מֶען
הָאט גֶעעֶנְדִיגְט צוּ מַאכֶען דָאס בְּרַאנְד־
אָפְּפֶער, אַזוֹי הָאט יֵהוּא גֶעזָאגְט צוּ
דִיא לוֹיפֶער, אוּנְד צוּ דִיא הוֹיפְּטְלֵייט,
קוּמְט אוּנְד שְׁלָאגְט זֵייא, קֵיין מֶענְשׁ

זָאל אַרויסְגֵיין, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא
גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דִיא שַׁארְף פוּן דֶעם
שְׁוֶוערְד, אוּנְד דִיא לויפֶער אוּנְד דִיא
הויפְּטלֵייט הָאבֶּען זֵייא אַרויסְגֶעוָוארְפֶען,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער
שְׁטָאט פוּן דֶעם הויז פוּן בַּעַל:

26 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרויסְגֶענוּמֶען
דִיא מַצֵּבוֹת פוּן דֶעם הויז פוּן בַּעַל,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא פֶערבְּרֶענְט:

27 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּשְׁטוּיסֶען דִיא
מַצֵּבָה פוּן בַּעַל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
צוּשְׁטוּיסֶען דָאס הויז פוּן בַּעַל, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעמַאכְט צוּ בָּתֵּי
כִּסְאוֹת, בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג:

28 אוּנְד יֵהוּא הָאט פַארְטִילִיגְט דֶעם
בַּעַל פוּן דִיא יִשְׂרָאֵל:

29 נָאר פוּן דִיא זִינְד פוּן יָרָבְעָם דֶעם
זוּהְן פוּן נְבָט וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט
זִינְדִיגֶען דִיא יִשְׂרָאֵל, פוּן זֵייא הָאט
זִיךְ יֵהוּא נִיט אָפְּגֶעקֶערְט, פוּן דִיא
גָאלְדֶענֶע קֶעלְבֶּער וָואס זֶענֶען אִין
בֵּית־אֵל אוּנְד וָואס זֶענֶען אִין דָן:

30 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
יֵהוּא, וֵוייל דוּא בִּיסְט גוּט גֶעוֶועזֶען,
צוּ טְהוּן דִיא רֶעכְטפַארְטִיגְקֵייט אִין
מֵיינֶע אויגֶען, אַזוֹי וִויא דָאס אַלֶעס
וָואס אִיז בֵּייא מִיר אִין מֵיין הַארְץ
הָאסְט דוּא גֶעטְהוּן צוּ דֶעם הויז פוּן
אַחְאָב, אַזוֹי וֶועלֶען דֵיינֶע קִינְדֶער בִּיז
אַן דֶעם פִירְטֶען גֶעשְׁלֶעכְט (דור)
זִיצֶען אויף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן יִשְׂרָאֵל:

31 אָבֶּער יֵהוּא הָאט נִיט גֶעהִיט צוּ
גֵיין אִין דִיא תּוֹרָה פוּן דֶעם הַאר,
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, מִיט זֵיין גַאנְצֶען
הַארְץ, עֶר הָאט נִיט אָפְּגֶעקֶערְט פוּן
דִיא זִינְד פוּן יָרָבְעָם, וָואס עֶר הָאט
גֶעמַאכְט זִינְדִיגֶען דִיא יִשְׂרָאֵל:

32 אִין יֶענֶער צֵייט, הָאט דֶער הַאר
אָנְגֶעפַאנְגֶען אִיבֶּערְדְרִיסִיג צוּ זֵיין אויף
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד חֲזָאֵל הָאט זֵייא גֶער־
שְׁלָאגֶען אִין דִיא גַאנְצֶע גְרֶענֶעץ פוּן
יִשְׂרָאֵל:

33 פוּן דֶעם יַרְדֵן וָואוּ דִיא זוּן שֵׁיינְט,
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע לַאנְד גִלְעָד, וָואס
גֶעהֶערְט צוּ גָד, אוּנְד רְאוּבֵן אוּנְד
מְנַשֶּׁה, פוּן עֲרוֹעֵר וָואס אִיז בֵּייא דֶעם
טֵייךְ אַרְנוֹן, אוּנְד גִלְעָד אוּנְד בָּשָׁן:

34 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
יֵהוּא, אוּנְד וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן,
אוּנְד פוּן זֵיינֶע גַאנְצֶע שְׁטַארְקֵייט,
זֶענֶען זֵייא נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אויף דֶעם
בּוּךְ, פוּן דִיא טֶעג־גֶעשִׁיכְטֶע צוּ דִיא
קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל?

35 אוּנְד יֵהוּא הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט
זֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
בֶּעגְרָאבֶּען אִין שֹׁמְרוֹן; אוּנְד זֵיין זוּהְן
יְהוֹאָחָז הָאט רֶעגִיעֶרְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם:

36 אוּנְד דִיא צֵייט וָואס יֵהוּא הָאט
רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אִין שֹׁמְרוֹן,
אִיז גֶעוֶועזֶען אַכְט אוּנְד צְוַואנְצִיג
יָאהְר:

קאפיטעל יא

1 אוּנְד אַז עֲתַלְיָה דִיא מוּטֶער פוּן
אַחַזְיָהוּ הָאט גֶעזֶעהֶען, דָאס אִיהְר זוּהְן
אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי אִיז זִיא אויפְגֶ־
גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד זִיא הָאט אוּמְגֶעבְּרַאכְט
אַלֶע קֶענִיגְלִיכֶע קִינְדֶער:

2 אוּנְד יְהוֹשֶׁבַע דִיא טָאכְטֶער פוּן
דֶעם קֶענִיג יוֹרָם, דִיא שְׁוֶועסְטֶער פוּן
אַחַזְיָהוּ, הָאט גֶענוּמֶען יוֹאָשׁ דֶעם זוּהְן
פוּן אַחַזְיָהוּ, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם
אַרויסְגֶעגַנְבֶ'ת פוּן דֶעם קֶענִיג'ס זִיהְן
וָואס זֶענֶען גֶעטֵייט גֶעוָוארֶען, אִיהְם
מִיט זֵיין אַמְם אִין דֶעם שְׁלָאף־צִימֶער,

אוּנְד

אונד זייא האבען איהם בעהאלטען
פון פאר עתליהו, אונד ער איז ניט
געטייט געוואָרען:
3 אונד ער איז מיט איהר געוועזען
בעהאלטען אין דעם הויז פון דעם האר
זעקס יאָהר, אונד עתליה האט
רעגיערט איבער דעם לאנד:
4 אונד אין דעם זיבענטען יאָהר,
האט יהוידע געשיקט, אונד ער האט
גענומען דיא אויבערשטע איבער הונ־
דערט, אונד דיא לייבוואַכע אונד
דיא לויפער, אונד ער האט זייא צו
זיך געבראַכט אין דעם הויז פון דעם
האר, אונד ער האט מיט זייא כורת
ברית געוועזען, אונד ער האט זייא
געמאַכט שווערען אין דעם הויז פון
דעם האר, אונד ער האט זייא געוויזען
דעם זוהן פון דעם קעניג:
5 אונד ער האט זייא געבאָטען,
אַזוי צו זאָגען, דאס איז דיא זאַך וואס
איהר זאָלט טהון, איין דריטער טהייל
פון אייך פון דיא וואס קומען אם
שבת, זאָלען היטען מיט איין וואַך
דאס הויז פון דעם קעניג:
6 אונד איין דריטער טהייל, אין דעם
טויער סור, אונד איין דריטער טהייל
אין דעם טויער וואס איז אונטער דיא
לויפער, אונד איהר זאָלט היטען מיט
איין וואַך אין דעם הויז מסח:
7 אונד צוויא טהיילען פון אייך,
אַלע דיא אַרויסטרעטען פון שבת,
זייא זאָלען היטען מיט איין וואַך,
דאס הויז פון דעם האר, וועגען דעם
קעניג:
8 אונד איהר זאָלט אַרומרינגלען
אַרום דעם קעניג, איטליכער מענש
מיט זיין געווער אין זיין האנד, אונד
דער וואס וועט קומען צווישען דיא
זיילען, זאָל געטייט ווערען, אונד איהר
זאָלט זיין מיט דעם קעניג בייא זיין
אַרויסגיין, אונד בייא זיין אַריינקומען:
9 אונד דיא אויבערשטע פון דיא
הונדערט האבען געטהון נאך אַלעם
וואס דער כהן יהוידע האט זייא געבאָ־
טען, אונד איטליכער האט גענומען
זיינע מענשען, דיא וואס קומען אין
שבת מיט דיא וואס גייען אַרויס אין
שבת, אונד זייא זענען געקומען צו
יהוידע דעם כהן:
10 אונד דער כהן האט געגעבען צו
דיא אויבערשטע פון דיא הונדערט
דעם שפיז, אונד דיא פאנצערס וואס
האט געהערט צו דוד המלך, וואס
וואַרען אין דעם הויז פון דעם האר:
11 אונד דיא לויפער האבען זיך גע־
שטעלט, יעדערער מיט זיין געווער
אין זיינע האנד, פון דעם ווינקעל פון
דעם הויז צו דער רעכטער זייט, ביז צו
דעם ווינקעל פון דעם הויז צו דער
לינקער זייט, צו דעם מזבח צו, אונד צו
דעם הויז, איבער דעם קעניג אַרום:
12 אונד ער האט דעם זוהן פון דעם
קעניג אַרויסגעפיהרט, אונד ער האט
אויף איהם געגעבען דיא קרוין, אונד
האט איהם געגעבען דאס צייגעניס,
אונד זייא האבען איהם געמאַכט קע־
ניגען, אונד זייא האבען איהם גע־
זאלבט, אונד האבען געקלאַפט מיט
דיא הענד, אונד זייא האבען געזאָגט,
עס זאָל לעבען דער קעניג:
13 אונד ווען עתליה האט געהערט
דעם קול פון דעם פאלק וואס לויפען
איז זיא געקומען צו דעם פאלק, אין
דעם הויז פון דעם האר:

14 אונד זיא האט געזעהען, זעה, דער קעניג שטייט אויף דיא זיילע וויא דער שטייגער איז, אונד דיא זינגער, אונד דיא טראמייטערס, בייא דעם קעניג, אונד דאס פאלק פון לאנד איז פרייליך, אונד מען בלאזט אין טרומייטען, אזוי האט עתליה צוריסען איהרע קליידער אונד זיא האט אויסגעשריען, איין בונד, איין בונד!

15 אונד דער כהן יהוידע האט געבאטען דיא אויבערשטע פון הונדערט, דיא וואס זענען געזעצט איבער דעם חיל, אונד ער האט צו זייא געזאגט, פיהרט זיא ארויס פון דעם הויז צו דיא זיילען, אונד ווער עס וועט נאך איהר נאכקומען דעם זאלט איהר טייטען מיט דעם שווערד. וואָרין דער כהן האט געזאגט, זיא זאל ניט געטייט ווערען אין דעם הויז פון דעם האר:

16 אונד זייא האבען איהר געמאכט איין ארט, אונד זיא איז געקומען אין דעם וועג, וואס דיא פערד קומען צו דעם הויז פון דעם האר, אונד זיא איז דארטען געטייט געווארען:

17 אונד יהוידע האט געמאכט א בונד (ברית) צווישען דעם האר אונד צווישען דעם קעניג, אונד צווישען דעם פאלק, כדי עס זאל זיין א פאלק צו דעם האר, אונד צווישען דעם קעניג, אונד צווישען דעם פאלק:

18 אונד דאס גאנצע פאלק פון דעם לאנד איז געקומען אין דעם הויז פון דעם בעל, אונד זייא האבען איהם צושטויסען זיינע מזבחות, אונד זיינע בילדער האבען זייא גוט צובראכען, אונד מתן דעם כהן פון בעל האבען זייא געטייט פאר דיא מזבחות, אונד דער כהן האט געשטעלט בעאמטע איבער דעם הויז פון דעם האר:

19 אונד ער האט גענומען דיא אויבערשטע איבער הונדערט, אונד דיא לייבוואכע אונד דיא לייפערס, אונד דאס גאנצע פאלק פון דעם לאנד, אונד זייא האבען ארופגעפיהרט דעם קעניג פון דעם הויז פון דעם האר, אונד זייא זענען געקומען דורך דעם וועג פון דעם טויער פון דיא לויפער אין דאס הויז פון דעם קעניג, אונד ער האט זיך געזעצט אויף דעם שטוהל פון דיא קעניגע:

20 אונד דאס גאנצע פאלק פון דעם לאנד האט זיך געפרייט, אונד דיא שטאט איז געווארען רוהיג, אונד עתליהו האבען זייא געטייט מיט דעם שווערד אין דעם הויז פון דעם קעניג:

## קאפיטעל יב

1 זיבען יאהר איז יהואש אלט געוועזען אלס ער איז קעניג געווארען:

2 אין דעם זיבעטען יאהר פון יהוא האט יהואש רעגיערט, אונד פערציג יאהר האט ער רעגיערט אין ירושלים, אונד דער נאמען פון זיינע מוטער איז געוועזען צביה פון באר שבע:

3 אונד יהואש האט געטהון וואס וואר רעכט אין דיא אויגען פון דעם האר אלע זיינע טעג, אזוי וויא דער כהן יהוידע האט איהם געלערנט:

4 נייערט דיא במות האבען זייא ניט אפגעטהון, דאס פאלק האט נאך געשאכטען אונד גערעמפפט אויף דיא במות:

5 אונד יהואש האט געזאגט צו דיא כהנים, דאס גאנצע זילבער פון דיא

הֵיילִיגְקֵייט, וָואס וֶוערֶען גֶעבְּרַאכְט אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר, גֶעלְד וָואס אַ מֶענְשׁ בְּרֶענְגְט פַאר דִיא שַׁאצוּנְג פוּן זֵיינֶעטְוֶועגֶען, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע גֶעלְד וָואס וֶועט אוֹיפְגֵיין אוֹיף דָאס הַארְץ פוּן אַ מֶענְשׁ צוּ בְּרֶענְגֶען אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר:

6 דָאס זָאלֶען זִיךְ דִיא כֹּהֲנִים נֶעמֶען, יֶעדֶער מַאן פוּן זֵיין בֶּעקַאנְטֶען, אוּנְד זַייא זָאלֶען דַאפוּן פֶערְרִיכְטֶען דִיא שְׁפַּאלְטֶען פוּן דֶעם הויז אוֹיף אַלֶע עֶרְטֶער וְואוּ עֶס וֶועט דַארְטֶען גֶעפוּנֶען וֶוערֶען אַ שְׁפַּאלְט:

7 אוּנְד עֶס אִיז אַזוֹי גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם דְרַייא אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶען יָאהְר פוּן דֶעם קֶענִיג יְהוֹאָשׁ, דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען נָאךְ נִיט פֶערְרִיכְט דִיא שְׁפַּאלְטֶען פוּן דֶעם הויז:

8 אוּנְד דֶער קֶענִיג יְהוֹאָשׁ הָאט גֶערוּפֶען דֶעם כֹּהֵן יְהוֹיָדָע, אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע כֹּהֲנִים, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם פֶערְרִיכְט אִיהְר נִיט דִיא שְׁפַּאלְטֶען פוּן דֶעם הויז? אוּנְד אַצוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט נֶעמֶען מֶעהְר קֵיין גֶעלְד פוּן אֵייעֶרֶע בֶּעקַאנְטֶע, נֵייעֶרְט אִיהְר זָאלְט עֶס גֶעבֶּען כְּדֵי צוּ פֶערְרִיכְטֶען דִיא שְׁפַּאלְטֶען פוּן דֶעם הויז:

9 אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען אֵיינְגֶעוִוילִיגְט, נִיט מֶעהְר צוּ נֶעמֶען קֵיין גֶעלְד פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד נִיט צוּ פֶערְרִיכְטֶען דִיא שְׁפַּאלְטֶען פוּן דֶעם הויז:

10 אוּנְד דֶער כֹּהֵן יְהוֹיָדָע הָאט גֶענוּמֶען אַ קַאסְטֶען, עֶר הָאט דוּרְכְגֶעלֶעכֶערְט אֵיין עֶפֶענוּנְג אִין זֵיין דֶעק, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען בֵּייא דֶעם מִזְבֵּחַ צוּ דֶער רֶעכְטֶער זֵייט, וְואוּ מֶען קוּמְט אַרֵיין אִין דָאס הויז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים וָואס הִיטֶען בֵּייא דִיא שְׁוֶועל, הָאבֶּען דַארְטֶען אַרֵיינְגֶעלֵייגְט דָאס גַאנְצֶע גֶעלְד וָואס אִיז גֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר:

11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, דָאס עֶס וַואר פִיל גֶעלְד אִין דֶעם קַאסְטֶען, אַזוֹי אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען דֶער שְׁרֵייבֶּער פוּן דֶעם קֶענִיג אוּנְד דֶער כֹּהֵן גָדוֹל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס צוּזַאמֶען גֶעבּוּנְדֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעצֵיילְט דָאס גֶעלְד, וָואס אִיז גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר:

12 אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָאס גֶעצֵיילְטֶע גֶעלְד גֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הֶענְד פוּן דִיא אַרְבֵּייטֶער וָואס וַוארֶען דִיא אוֹיפְזֶעהֶער אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען פַאר דִיא צִימֶערְמֵייסְטֶער, אוּנְד פַאר דִיא בּוֹיעֶר וָואס אַרְבֵּייטֶען אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר:

13 אוּנְד פַאר דִיא מוֹיעֶרֶער, אוּנְד שְׁטֵיינְהֶעקֶער, אוּנְד אוֹיפְצוּקוֹיפֶען הָאלְץ אוּנְד גֶעהַאקְטֶע שְׁטֵיינֶער, אוּם צוּ פֶערְרִיכְטֶען דִיא שְׁפַּאלְטֶען פוּן דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אוֹיף אַלֶע זַאכֶען וָואס אִיז גֶעוָוארֶען אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען צוּ פֶערְרִיכְטֶען דָאס הויז:

14 אָבֶּער עֶס וַואר נִיט גֶעמַאכְט אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר זִילְבֶּערְנֶע שָׁאלֶען פוּשׁ־שֶׁערֶען, בֶּעקֶען, טְרָאמְפֵּייטֶען, קֵיינְעֶרְלֵייא גָאלְדֶענֶע גֶעפֶעס, אָדֶער זִילְבֶּערְנֶע גֶעפֶעס, פוּן דֶעם גֶעלְד וָואס וַואר גֶעבְּרַאכְט אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר:

15 גֵייעֶרְט מֶען הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ
דִיא אַרְבֵּייטֶער, דֶערְמִיט צוּ פֶערְרִיכְטֶען
דָאס הויז פוּן דֶעם הַאר׃
16 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶערֶעכֶענְט
מִיט דִיא מֶענְשֶׁען וָואס מֶען הָאט דָאס
גֶעלְד גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ זֵייעֶרֶע הַאנְד, צוּ
גֶעבֶּען צוּ דִיא אַרְבֵּייטֶער, ווייל זֵייא
הָאבֶּען עֶס גֶעטְהוּן מִיט עֶהְרְלִיכְקֵייט׃
17 דָאס גֶעלְד פוּן דֶעם שוּלְד־
אָפְּפֶער, אוּנְד דָאס גֶעלְד פוּן דֶעם
בְּרַאנְד־אָפְּפֶער אִיז נִיט גֶעבְּרַאכְט גֶע־
וָוארֶען אִין דָאס הויז פוּן דֶעם הַאר,
דָאס הָאט גֶעהֶערְט צוּ דִיא כֹּהֲנִים׃
18 דַאמָאלְס אִיז חֲזָאֵל דֶער קֶענִיג פוּן
אֲרָם, אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט
מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט גַת, אוּנְד עֶר
הָאט זִיא בֶּעצְווִאוּנְגֶען, אוּנְד חֲזָאֵל
הָאט גֶעקֶעהְרְט זֵיין אָנְגֶעזִיכְט אַרוֹיפְ־
צוּגֵיין נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם׃
19 אַזוֹי הָאט יְהוֹאָשׁ דֶער קֶענִיג פוּן
יְהוּדָה גֶענוּמֶען דִיא גַאנְצֶע הֵיילִיגְקֵייט
וָואס יְהוֹשָׁפָט אוּנְד יְהוֹרָם אוּנְד אֲחַזְיָהוּ
זֵיינֶע עֶלְטֶערְן, דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה
הָאבֶּען גֶעהֵיילִיגְט, אוּנְד זֵיינֶע הֵיילִיגְקֵייט,
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע גָאלְד וָואס וַואר גֶעפוּנֶען
אִין דִיא אוֹצְרוֹת פוּן דֶעם הויז פוּן
דֶעם הַאר, אוּנְד אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם
קֶענִיג, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעשִׁיקְט צוּ
חֲזָאֵל דֶעם קֶענִיג פוּן אֲרָם, אוּנְד עֶר
אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם׃
20 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
יוֹאָשׁ, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶע־
טְהוּן, זֶענֶען זֵייא נִיט פֶערְשְׁרִיבֶּען אִין
דֶעם בּוּךְ פוּן דִבְרֵי הַיָמִים פוּן דִיא
קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה?
21 אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען אוֹיפְ־
גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט
אֵיין בּוּנְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁלָא־
גֶען דֶעם יוֹאָשׁ, אִין דֶעם הויז מִלּוֹא,
וָואס גֵייט אַרָאפּ נָאךְ סִלָּא׃
22 אוּנְד יוֹזָכָר דֶער זוּהְן פוּן שִׁמְעָת,
אוּנְד יְהוֹזָבָד דֶער זוּהְן פוּן שֹׁמֵר זֵיינֶע
קְנֶעכְט, הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד
עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד זֵייא הָא־
בֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען בֵּייא זֵיינֶע
עֶלְטֶערְן, אִין דֶער שְׁטָאט פוּן דָוִד,
אוּנְד זֵיין זוּהְן אֲמַצְיָה הָאט רֶעגִיעֶרְט
אַנְשְׁטָאט אִיהְם׃

קאפיטעל יג

1 אִין דֶעם דְרֵייא אוּנְד צְוַאנְצִיגְסְטֶען
יָאהְר פוּן יוֹאָשׁ דֶעם זוּהְן פוּן אֲחַזְיָהוּ
דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, הָאט יְהוֹאָחָז
דֶער זוּהְן פוּן יֵהוּא רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער
יִשְׂרָאֵל אִין שֹׁמְרוֹן זִיבֶּעצֶעהְן יָאהְר׃
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן וָואס שְׁלֶעכְט
אִיז אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר,
אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ דִיא זִינְד
פוּן יָרָבְעָם דֶעם זוּהְן פוּן נְבָט, וָואס
עֶר הָאט גֶעמַאכְט זִינְדִיגֶען דִיא יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד עֶר הָאט נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן
אִיהְם׃
3 אוּנְד דֶער צָארְן פוּן דֶעם הַאר
הָאט גֶעגְרִימְט אוֹיף דִיא יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
עֶר הָאט זֵייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין דִיא
הַאנְד פוּן חֲזָאֵל דֶעם קֶענִיג פוּן אֲרָם,
אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן בֶּן הֲדַד דֶעם
זוּהְן פוּן חֲזָאֵל אַלֶע טֶעג׃
4 אוּנְד יְהוֹאָחָז הָאט אָנְגֶעבֶּעטֶען דָאס
אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד דֶער
הַאר הָאט אִיהְם צוּגֶעהֶערְט, וָוארִין עֶר
הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא בֶּעדְרִיקוּנְג פוּן דִיא
יִשְׂרָאֵל, וָוארִין דֶער קֶענִיג פוּן אֲרָם
הָאט זֵייא גֶעדְרִיקְט׃
5 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ

יִשְׂרָאֵל אַ הֶעלְפֶּער, אוּנְד זַייא זֶענֶען
אַרויסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דִיא מַאכְט פוּן
אֲרָם, אוּנְד דִיא יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעזֶעסֶען
אִין זַיירֶע גֶעצֶעלְטֶען וויא פְרִיעֶר:
6 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט אָפְּגֶע־
קֶעהְרְט פוּן דִיא זִינְד פוּן דֶעם הויז פוּן
יָרָבְעָם, וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט זִינְדִי־
גֶען דִיא יִשְׂרָאֵל, נֵייעֶרְט עֶר אִיז אִין
אִיהְר גֶעגַאנְגֶען, אוֹיךְ דֶער לִינְדֶענְבּוֹים
אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין שֹׁמְרוֹן:
7 וָוארִין עֶר הָאט נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען
צוּ יְהוֹאָחָז קֵיין פָאלְק, נֵייעֶרְט פִינְפְ־
צִיג רֵייטֶער, אוּנְד צֶעהְן רֵייטְוֶועגֶען,
אוּנְד צֶעהְן טוֹיזֶענְד פוּסְגֵייעֶר, ווייל
דֶער קֶענִיג פוּן אֲרָם הָאט זַייא פַארְ־
לוירֶען, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעמַאכְט
וויא דֶער שְׁטוֹיבּ וָואס וֶוערְט צוּטְרֶעטֶען:
8 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
יְהוֹאָחָז, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט
גֶעטְהוּן, אוּנְד זַיינֶע שְׁטַארְקֵייט, זֶענֶען
זַייא נִיט פַארְשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ
פוּן דִבְרֵי הַיָמִים פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן
יִשְׂרָאֵל?
9 אוּנְד יְהוֹאָחָז הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט
מִיט זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין שֹׁמְרוֹן, אוּנְד זַיין
זוּהְן יוֹאָשׁ הָאט רֶעגִיעֶרְט אַנְשְׁטָאט
אִיהְם:
10 אִין דֶעם זִיבֶּען אוּנְד דְרֵייסִיגְסְטֶען
יָאהְר פוּן יוֹאָשׁ דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה,
הָאט יְהוֹאָשׁ דֶער זוּהְן פוּן יְהוֹאָחָז
רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אִין שֹׁמְרוֹן
זֶעכְצֶעהְן יָאהְר:
11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן וָואס
שְׁלֶעכְט אִיז אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם
הַאר, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ נִיט אָפְּגֶע־
קֶעהְרְט פוּן אַלֶע זִינְד פוּן יָרָבְעָם דֶעם
זוּהְן פוּן נְבָט, וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט
זִינְדִיגֶען יִשְׂרָאֵל, עֶר אִיז אִין אִיהְר
גֶעגַאנְגֶען:
12 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
יוֹאָשׁ, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶע־
טְהוּן, אוּנְד זַיינֶע שְׁטַארְקֵייט, וָואס עֶר
הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט אֲמַצְיָה
דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, זֶענֶען זַייא נִיט
פֶערְשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דִבְרֵי
הַיָמִים פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל?
13 אוּנְד יוֹאָשׁ הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט
זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד יָרָבְעָם הָאט זִיךְ
גֶעזֶעצְט אוֹיף זַיין שְׁטוּהְל, אוּנְד יוֹאָשׁ
אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען אִין שֹׁמְרוֹן,
בֵּייא דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל:
14 אוּנְד אֱלִישָׁע אִיז קְרַאנְק גֶעוָוארֶען,
אֵיינֶע קְרַאנְקְהֵייט דוּרְךְ וֶועלְכֶע עֶר אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד יוֹאָשׁ דֶער קֶענִיג
פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז צוּ אִיהְם אַרָאפְּגֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט פַאר אִיהְם גֶע־
וֵויינְט, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, מֵיין פָאטֶער, מֵיין פָאטֶער, דִיא
רֵייטְוֶועגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד זַיינֶע
רֵייטֶער!
15 אוּנְד אֱלִישָׁע הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, נֶעם אֵיין בּוֹיגֶען אוּנְד פֵייְלֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען אֵיין בּוֹיגֶען
אוּנְד פֵייְלֶען:
16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, צוּ דֶעם
קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, שְׁפַּאן דֶעם בּוֹיגֶען
מִיט דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
שְׁפַּאנְט דֶעם בּוֹיגֶען מִיט זַיינֶע הַאנְד,
אוּנְד אֱלִישָׁע הָאט גֶעלֵייגְט זַיינֶע הֶענְד
אוֹיף דִיא הֶענְד פוּן דֶעם קֶענִיג:
17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מַאךְ אוֹיף
דָאס פֶענְסְטֶער קֶעגֶען מִזְרָח זַיְיט,
אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּנְד אֱלִישָׁע

הָאט גֶעזָאגְט, שִׁיס, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשָׁאסֶען. אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַיין פֵּייל פוּן הִילְף צוּ דֶעם הַאר, אוּנְד אַיין פֵּייל פוּן הִילְף קֶעגֶען אֲרָם, אוּנְד דוּא װֶעסְט שְׁלָאגֶען אֲרָם אִין אֲפֵק, בִּיז דוּא װֶעסְט זַייא אִים גַאנְצֶען פֶערלֶענְדֶען:

18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נֶעם דִיא פֵּיילֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, שְׁלָאג אָן דִיא עֶרְד, אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶעשְׁלָאגֶען דְרַייא מָאל, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט:

19 אוּנְד דֶער גֶעטְלִיכֶער מַאן הָאט אוֹיף אִיהְם גֶעצָארֶענְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט גֶעדַארְפְט שְׁלָאגֶען פִינְף אָדֶער זֶעקְס מָאל, דַאמָאלְס װָאלְסְט דוּא גֶעשְׁלָאגֶען אֲרָם בִּיז דוּא הֶעסְט אִיהְם פֶערְלֶענְט, אוּנְד אַצוּנְד װֶעסְט דוּא נָאר דְרַייא מָאל שְׁלָאגֶען אֲרָם:

20 אוּנְד אֱלִישָׁע אִיז גֶעשְׁטָארְבֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶען, אוּנְד דָאס חַיִל פוּן מוֹאָב אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם לַאנְד, בַּייא דֶעם אַנְפַאנְג פוּן דֶעם יָאהְר:

21 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אַלְס זַייא הָאבֶען בֶּעגְרָאבֶען אַ מַאן, אוּנְד זֶעה, זַייא הָאבֶען דֶערְזֶעהֶען דָאס חַיִל, אַזוֹי הָאבֶען זַייא אַרַיינְגֶעװָארְפֶען דֶעם מַאן אִין דֶעם קֶבֶר פוּן אֱלִישָׁע, אוּנְד עֶס הָאט פַּאסִירְט דָאס עֶר הָאט אָנְגֶערִיהְרְט דִיא בֵּיינֶער פוּן אֱלִישָׁע, אוּנְד אִיז לֶעבֶּעדִיג גֶעװָארֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף זַיינֶע פִּיס:

22 אוּנְד חֲזָאֵל דֶער קֶענִיג פוּן אֲרָם, הָאט אוּנְטֶערְדְרִיקְט דִיא יִשְׂרָאֵל אַלֶע טֶעג פוּן יְהוֹאָחָז:

23 אוּנְד דֶער הַאר אִיז זַייא גֶענֶעדִיג גֶעװֶעזֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ דֶערְבַּארֶעמְט אִיבֶּער זַייא, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ צוּ זַייא גֶעקֶעהְרְט, פוּן װֶעגֶען זַיין בְּרִית מִיט אַבְרָהָם, יִצְחָק אוּנְד יַעֲקֹב, אוּנְד עֶר הָאט זַייא נִיט גֶעװָאלְט פֶערְדַארְבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט זַייא נִיט פֶערְװָארְפֶען פוּן זַיין אָנְגֶעזִיכְט בִּיז אַצוּנְד:

24 אוּנְד חֲזָאֵל דֶער קֶענִיג פוּן אֲרָם אִיז גֶעשְׁטָארְבֶען, אוּנְד זַיין זוּהְן בֶּן־הֲדַד הָאט רֶעגִירֶעט אַנְשְׁטָאט אִיהְם:

25 אוּנְד יְהוֹאָשׁ דֶער זוּהְן פוּן יְהוֹאָחָז הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד עֶר הָאט צוּגֶענוּמֶען דִיא שְׁטֶעט פוּן דִיא הַאנְד פוּן בֶּן־הֲדַד דֶעם זוּהְן פוּן חֲזָאֵל, װָאס עֶר הָאט צוּגֶענוּמֶען פוּן זַיין פָאטֶער יְהוֹאָחָז אִין דֶער מִלְחָמָה, דְרַייא מָאל הָאט אִיהְם יוֹאָשׁ גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּרִיקְגֶענוּמֶען דִיא שְׁטֶעט פוּן יִשְׂרָאֵל:

## קאפיטעל יד

1 אִין דֶעם צְװֵייטֶען יָאהְר פוּן יוֹאָשׁ דֶעם זוּהְן פוּן אָחָז דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, הָאט רֶעגִירֶעט אֲמַצְיָהוּ דֶער זוּהְן פוּן יוֹאָשׁ, דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה:

2 פִינְף אוּנְד צְװַאנְצִיג יָאהְר אִיז עֶר אַלְט גֶעװֶעזֶען, אַלְס עֶר אִיז קֶענִיג גֶעװָארֶען, אוּנְד נַיין אוּנְד צְװַאנְצִיג יָאהְר הָאט עֶר רֶעגִירֶעט אִין יְרוּשָׁלַיִם; אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זַיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעװֶעזֶען יְהוֹעַדָּן פוּן יְרוּשָׁלַיִם:

3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דִיא רֶעכְט־פַארְטִיגְקֵייט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר, נָאר נִיט װִיא זַיין פָאטֶער דָוִד, גֶּעַיעֶרְט אַזוֹי װִיא אַלֶעס װָאס זַיין פָאטֶער יוֹאָשׁ הָאט גֶעטְהוּן, הָאט עֶר גֶעטְהוּן:



אבער

4 אָבֶער דִיא בָּמוֹת הָאבֶּען זַייא נִיט
אָפְּגֶעטְהוּן, דָאס פָאלְק הָאט נָאךְ גֶע־
שָׁאכְטֶען אוּנְד גֶערֶעמְפְּפְט אוֹיף דִיא
בָּמוֹת׃
5 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַלְס דָאס
קֶענִיגְרַייךְ הָאט זִיךְ בֶּעפֶעסְטִיגְט אִין
זַיינֶע הַאנְד, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשְׁלָאגֶען
זַיינֶע קְנֶעכְט, דִיא וָואס הָאבֶּען גֶע־
שְׁלָאגֶען דֶעם קֶענִיג, זַיין פָאטֶער׃
6 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא שְׁלֶעגֶער
הָאט עֶר נִיט גֶעטֵייט, וְויא עֶס שְׁטֵייט
גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם סֵפֶר תּוֹרַת
משֶׁה, וָואס דֶער הַאר הָאט גֶעבָּאטֶען,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, עֶס זָאלֶען נִיט גֶעטֵייט
וֶוערֶען עֶלְטֶערְן פַאר קִינְדֶער, אוּנְד
קִינְדֶער זָאלֶען נִיט גֶעטֵייט וֶוערֶען פַאר
עֶלְטֶערְן, נֵייעֶרְט יֶעדֶערֶער פַאר זַיינֶע
זִינְד זָאל גֶעטֵייט וֶוערֶען׃
7 עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען אֱדוֹם, אִין
דֶעם זַאלְץ־טָהאל, צֶעהְן טוֹיזֶענְד (מַאן),
אוּנְד עֶר הָאט בֶּעצְווּאוּנְגֶען דִיא שְׁטָאט
סֶלַע אִין דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד עֶר הָאט
גֶערוּפֶען אִיהְר נָאמֶען, יָקְתְאֵל, בִּיז צוּ
דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃
8 דַאמָאלְס הָאט אַמַצְיָה גֶעשִׁיקְט
שְׁלוּחִים, צוּ יְהוֹאָשׁ דֶעם זוּהְן פוּן
יְהוֹאָחָז דֶעם זוּהְן פוּן יֵהוּא דֶעם קֶענִיג
פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, קוּם, מִיר
וֶועלֶען זִיךְ זֶעהֶען מִיט אוּנְזֶער אָנְ־
גֶעזִיכְט׃
9 אוּנְד יְהוֹאָשׁ דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל,
הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ אַמַצְיָה דֶעם קֶענִיג
פוּן יְהוּדָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,—דֶער דָארְן
וָואס אִיז אִין לְבָנוֹן, הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ
דֶעם צֶעדֶערְבּוֹים וָואס אִיז אִין לְבָנוֹן,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גִיבּ דֵיינֶע טָאכְטֶער צוּ
מֵיין זוּהְן פַאר אַ וַוייבּ, אָבֶּער אֵיין
ווִילְדֶע חַיָה פוּן דֶעם פֶעלְד אִיז
פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זִיא הָאט
צֶערטְרֶעטֶען דֶעם דָארְן׃
10 דוּא הָאסְט גֶעשְׁלָאגֶען אֱדוֹם, אוּנְד
הָאסְט דִיר דֵיין הַארְץ דֶערְהוֹיבֶּען,
הַאלְט דִיךְ בֵּייא דֵיין עֶהְרֶע, אוּנְד
בְּלֵייבּ אִין דֵיין הוֹיז, אוּנְד וַוארוּם ווִילְסְט
דוּא דִיךְ רֵייצֶען אִין דֶעם אוּנְגְלִיק,
אוּנְד דוּא וֶועסְט פַאלֶען, אוּנְד אוֹיךְ
יְהוּדָה מִיט דִיר?
11 אוּנְד אַמַצְיָהוּ הָאט אָבֶּער נִיט
גֶעהֶערְט, אוּנְד יְהוֹאָשׁ דֶער קֶענִיג פוּן
יִשְׂרָאֵל אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעהֶען מִיט זַייעֶר אָנְ־
גֶעזִיכְט, עֶר אוּנְד אַמַצְיָהוּ דֶער קֶענִיג
פוּן יְהוּדָה, אִין בֵּית־שֶׁמֶשׁ, וָואס גֶע־
הֶערְט צוּ יְהוּדָה׃
12 אוּנְד יְהוּדָה אִיז גֶעשְׁלָאגֶען גֶע־
וָוארֶען פַאר יִשְׂרָאֵל, אוּנְד יֶעדֶערֶער אִיז
עֶנְטְלָאפֶען צוּ זַיין גֶעצֶעלְט׃
13 אוּנְד אַמַצְיָהוּ דֶער קֶענִיג פוּן
יְהוּדָה, דֶער זוּהְן פוּן יְהוֹאָשׁ דֶער זוּהְן
פוּן אַחַזְיָהוּ, הָאט יְהוֹאָשׁ דֶעם קֶענִיג
פוּן יִשְׂרָאֵל אָנְגֶעכַאפְּט אִין בֵּית־שֶׁמֶשׁ,
אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד עֶר הָאט דוּרְכְגֶעבְּרָאכֶען אִין
דִיא מוֹיעֶר פוּן יְרוּשָׁלַיִם, פוּן דֶעם
טוֹיעֶר אֶפְרָיִם בִּיז צוּ דֶעם ווִינְקֶעל־
טוֹיעֶר, פִיעֶר הוּנְדֶערְט אֵילֶען׃
14 אוּנְד עֶר הָאט צוּגֶענוּמֶען דָאס
גַאנְצֶע גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער, אוּנְד אַלֶע
כֵּלִים וָואס זֶענֶען גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען
אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אִין
דִיא אוֹצְרוֹת פוּן דֶעם קֶענִיג'ס הוֹיז,
אוּנְד דִיא פֶערְמַשְׁכּוֹנְטֶע קִינְדֶער, אוּנְד
עֶר הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ
שֹׁמְרוֹן׃



אוּנְד

15 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן יְהוֹאָשׁ, וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, אוּנְד פוּן זַיינֶע שְׁטַארְקַייט, אוּנְד וִויא עֶר הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט אֲמַצְיָהוּ דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, וֶוענֶען זַייא נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף דֶעם בּוּךְ, פוּן דִבְרֵי הַיָמִים פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל:

16 אוּנְד יְהוֹאָשׁ הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד עֶר אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען אִין שֹׁמְרוֹן, בֵּייא דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זַיין זוּהְן יָרָבְעָם, הָאט רֶעגִיעֶרְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם:

17 אוּנְד אֲמַצְיָהוּ דֶער זוּהְן פוּן יוֹאָשׁ דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, הָאט גֶעלֶעבְּט נָאךְ דֶעם טוֹיט פוּן יְהוֹאָשׁ דֶעם זוּהְן פוּן יְהוֹאָחָז דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּנְפְצֶעהְן יָאהְר:

18 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן אֲמַצְיָהוּ, וֶוענֶען זַייא נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף דָאס בּוּךְ, פוּן דִבְרֵי הַיָמִים פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה?

19 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם גֶעמַאכְט אֵיין בּוּנְד, אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶר אִיז אֶנְטְלָאפֶען נָאךְ לָכִישׁ, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט נָאךְ אִיהְם נָאךְ לָכִישׁ, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם דָארְטֶען גֶעטֵייט:

20 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אוֹיף דִיא פֶערְד, אוּנְד עֶר אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, בֵּייא זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אִין דֶער שְׁטָאט פוּן דָוִד:

21 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן יְהוּדָה הָאט גֶענוּמֶען עֲזַרְיָה,—אוּנְד עֶר וַואר זֶעכְצֶעהְן יָאהְר אַלְט—אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעמַאכְט קֶענִיגֶען אַנְשְׁטָאט זַיין פָאטֶער אֲמַצְיָהוּ:

22 עֶר הָאט גֶעבּוֹיט אֵילַת, נָאךְ דֶעם וִויא דֶער קֶענִיג הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט זַיינֶע עֶלְטֶערְן:

23 אִין דֶעם פִינְפְצֶעהְנְטֶען יָאהְר פוּן אֲמַצְיָהוּ דֶעם זוּהְן פוּן יוֹאָשׁ דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, הָאט יָרָבְעָם דֶער זוּהְן פוּן יוֹאָשׁ דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל רֶעגִיעֶרְט אִין שֹׁמְרוֹן אֵיין אוּנְד פִירְצִיג יָאהְר:

24 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן וָואס שְׁלֶעכְט אִיז אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר, עֶר הָאט זִיךְ נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן אַלֶע זִינְד פוּן יָרָבְעָם דֶעם זוּהְן פוּן נְבָט, וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט זִינְדִיגֶען יִשְׂרָאֵל:

25 יֶער הָאט צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט דִיא גְרֶענְעֶץ פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּן וַואנֶען מֶען קוּמְט פוּן חֲמָת בִּיז צוּ דֶעם יַם וָואס אִיז אִין דֶער וִויסְטֶענֵייא, נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט דוּרְךְ זַיין קְנֶעכְט יוֹנָה דֶעם זוּהְן פוּן אֲמִתַּי דֶעם נָבִיא, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן גַת חֵפֶר:

26 וָוארִין דֶער הַאר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דָאס עֶלֶענְד פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז זֶעהְר בִּיטֶערְלִיךְ, אוּנְד עֶס אִיז נִיט דָא אֵיין פֶערְשְׁלָאסֶענֶער אוּנְד פֶערְלָאזֶענֶער, אוּנְד קֵיין הֶעלְפֶער אִיז נִיט דָא צוּ יִשְׂרָאֵל:

27 אוּנְד דֶער הַאר הָאט נִיט גֶעטְרַאכְט אָפְּצוּמֶעקֶען דֶעם נָאמֶען יִשְׂרָאֵל פוּן אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל, אַזוֹי הָאט עֶר זַייא גֶעהָאלְפֶען דוּרְךְ יָרָבְעָם דֶעם זוּהְן פוּן יוֹאָשׁ:

28 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן יָרָבְעָם, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט

גֶעטְהוּן, אוּנְד וִויא עֶר הָאט צוּרִיקְ־
גֶעבְּרַאכְט דַמֶשֶׂק אוּנְד חֲמָת וָואס
אִיז צוּ יְהוּדָה אִין יִשְׂרָאֵל, זֶענֶען זֵייא
נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פוּן
דִבְרֵי הַיָמִים פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן
יִשְׂרָאֵל?
29 אוּנְד יָרָבְעָם הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט
מִיט זַיינֶע עֶלְטֶערְן, בֵּייא דִיא קֶענִיגֶע
פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זַיין זוּהְן זְכַרְיָה הָאט
רֶעגִיעֶרְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם:

## קאַפּיטעל טו

1 אִין דֶעם זִיבֶּען אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶען
יָאהְר פוּן יָרָבְעָם דֶעם קֶענִיג פוּן
יִשְׂרָאֵל, הָאט רֶעגִיעֶרְט עֲזַרְיָה דֶער
זוּהְן פוּן אֲמַצְיָה דֶער קֶענִיג פוּן
יְהוּדָה:
2 זֶעכְצֶעהְן יָאהְר אִיז עֶר אַלְט גֶעוֶ־
וֶעזֶען אַלְס עֶר אִיז קֶענִיג גֶעוָוארֶען,
אוּנְד צְווייא אוּנְד פִינְפְצִיג יָאהְר הָאט
עֶר רֶעגִיעֶרְט אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער
נָאמֶען פוּן זַיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען
יְכָלְיָהוּ פוּן יְרוּשָׁלַיִם:
3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דִיא רֶעכְטְ־
פֶערְטִיגְקֵייט אִין דִיא אויגֶען פוּן דֶעם
הַאר, אַזוֹי וִויא אַלֶעס וָואס זַיין פָאטֶער
אֲמַצְיָהוּ הָאט גֶעטְהוּן:
4 נייעֶרְט דִיא בָּמוֹת הָאבֶּען זֵייא
נִיט אָפְּגֶעשַׁאפְט, דָאס פָאלְק הָאט נָאךְ
גֶעשָׁאכְטֶען אוּנְד גֶערֶעמְפְּפְט אויף דִיא
בָּמוֹת:
5 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעפְּלָאגְט
דֶעם קֶענִיג, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען
אויסְזֶעצִיג בִּיז צוּ דֶעם טָאג פוּן זַיין
טוֹיט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעווֹאוינְט אִין אֵיין
בֶּעזוּנְדֶערֶען הויז, אוּנְד יוֹתָם דֶער זוּהְן
פוּן דֶעם קֶענִיג אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער
דֶעם הויז, אוּנְד הָאט גֶערִיכְטֶעט דָאס
פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד:
6 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
עֲזַרְיָהוּ, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט
גֶעטְהוּן, זֶענֶען זֵייא נִיט פֶערְשְׁרִיבֶּען
אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דִבְרֵי הַיָמִים פוּן
דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל?
7 אוּנְד עֲזַרְיָה הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט
זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען בֵּייא זַיינֶע עֶלְטֶערְן,
אִין דֶער שְׁטָאט פוּן דָוִד, אוּנְד זַיין
זוּהְן יוֹתָם הָאט רֶעגִיעֶרְט אַנְשְׁטָאט
אִיהְם:
8 אִין דֶעם אַכְט אוּנְד דְרֵייסִיגְסְטֶען
יָאהְר פוּן עֲזַרְיָהוּ דֶעם קֶענִיג פוּן
יְהוּדָה, הָאט זְכַרְיָהוּ דֶער זוּהְן פוּן
יָרָבְעָם רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אִין
שֹׁמְרוֹן זֶעקְס חֲדָשִׁים:
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן וָואס שְׁלֶעכְט
אִיז אִין דִיא אויגֶען פוּן דֶעם הַאר,
אַזוֹי וִויא זַיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען גֶעטְהוּן,
עֶר הָאט זִיךְ נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן
דִיא זִינְד פוּן יָרָבְעָם דֶעם זוּהְן פוּן
נְבָט, וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט זִינְדִיגֶען
דִיא יִשְׂרָאֵל:
10 אוּנְד שַׁלוּם דֶער זוּהְן פוּן יָבֵשׁ,
הָאט גֶעמַאכְט אויף אִיהְם אֵיין בּוּנְד,
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען קֶעגֶען
דֶעם פָאלְק, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶע־
טֵייט, אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט אַנְשְׁטָאט
אִיהְם:
11 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
זְכַרְיָה זֶענֶען זֵייא נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין
דֶעם בּוּךְ פוּן דִבְרֵי הַיָמִים פוּן דִיא
קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל?
12 דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דִיא רֵייד
פוּן דֶעם הַאר, וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט
צוּ יֵהוּא, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, בִּיז אִין דָאס

פִּירְטֶע גֶעשְׁלֶעכְט װעלֶען דֵיינֶע קִינְדֶער
זִיצֶען אויף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד עֶס אִיז אַזוֹי גֶעװעזֶען:
13 שַׁלוּם דֶער זוּהְן פוּן יָבֵשׁ הָאט רֶע־
גִיעֶרְט אִים נֵיין אוּנְד דְרֵייסִיגְסְטֶען יָאהְר
פוּן עֻזִּיָה דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אוּנְד
עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט אֵיין מָאנַאט צֵייט
אִין שֹׁמְרוֹן:
14 אוּנְד מְנַחֵם דֶער זוּהְן פוּן גָּדִי אוֹיס
תִּרְצָה, אִיז אַרױפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד אִיז
גֶעקוּמֶען נָאךְ שֹׁמְרוֹן אוּנְד עֶר הָאט
גֶעשְׁלָאגֶען שַׁלּוּם דֶעם זוּהְן פוּן יָבֵשׁ אִין
שֹׁמְרוֹן, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעטֵייט,
אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם:
15 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
שַׁלּוּם, אוּנְד פוּן זֵיין בּוּנְד װָאס עֶר
הָאט גֶעמַאכְט, זֶענֶען זֵייא נִיט פֶּערְ־
שְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דִבְרֵי הַיָּמִים
פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל?
16 דַאמָאלְס הָאט מְנַחֵם גֶעשְׁלָאגֶען
תִּפְסַח, אוּנְד אַלֶעס, װָאס אִיז אִין אִיהְר
גֶעװעזֶען, אוּנְד אִיהְרֶע גְרֶענֶעצֶען פוּן
תִּרְצָה, װייל עֶר הָאט אִיהְם נִיט גֶע־
װָאלְט עֶפֶענֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
שְׁלָאגֶען אַלֶע אִיהְרֶע שְׁװַאנְגֶערֶע, אוּנְד
עֶר הָאט זֵייא אויפְגֶעשְׁנִיטֶען:
17 אִין דֶעם נֵיין אוּנְד דְרֵייסִיגְסְטֶען
יָאהְר, פוּן עֲזַרְיָה דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה,
הָאט מְנַחֵם דֶער זוּהְן פוּן גָּדִי רֶעגִיעֶרְט
צֶעהְן יָאהְר, אִין שֹׁמְרוֹן:
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן װָאס
שְׁלֶעכְט אִיז אִין דִיא אױגֶען פוּן דֶעם
הַאר, עֶר הָאט זִיךְ נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט
פוּן דִיא זִינְד פוּן יָרָבְעָם דֶעם זוּהְן פוּן
נְבָט, װָאס עֶר הָאט גֶעמַאכְט זִינְדִיגֶען
דִיא יִשְׂרָאֵל, אַלֶע זֵיינֶע טֶעג:
19 אוּנְד פּוּל דֶער קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר,
אִיז גֶעקוּמֶען קֶעגֶען דֶעם לַאנְד, אוּנְד
מְנַחֵם הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ פּוּל טױזֶענְד
צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער, דָאס זֵיינֶע הֶענְד
זָאלֶען זֵיין מִיט אִיהְם, צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען
דָאס קֶענִיגְרֵייךְ אִין זֵיינֶע הַאנְד:
20 אוּנְד מְנַחֵם הָאט אַרױסְגֶעצװיגֶען
דָאס זִילְבֶּער פוּן דִיא יִשְׂרָאֵל, פוּן
אַלֶע שְׁטַארְקֶע הֶעלְדֶען, דָאס מֶען זָאל
גֶעבֶּען צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר, צוּ
פוּפְצִיג שְׁקָלִים פוּן יֶעדֶען אֵיינְצִיגֶען,
אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד עֶר אִיז מֶעהְר
נִיט גֶעבְּלִיבֶּען דָארְטֶען אִין דֶעם
לַאנְד:
21 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
מְנַחֵם, אוּנְד אַלֶעס װָאס עֶר הָאט גֶע־
טְהוּן, זֶענֶען זֵייא נִיט פֶּערְשְׁרִיבֶּען אִין
דֶעם בּוּךְ פוּן דִבְרֵי הַיָּמִים פוּן דִיא
קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל?
22 אוּנְד מְנַחֵם הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט
מִיט זֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד זֵיין זוּהְן
פְּקַחְיָה הָאט רֶעגִיעֶרְט אַנְשְׁטָאט
אִיהְם:
23 אִין דֶעם פִינְפְצִיגְסְטֶען יָאהְר פוּן
עֲזַרְיָה דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, הָאט
פְּקַחְיָה דֶער זוּהְן פוּן מְנַחֵם רֶעגִיעֶרְט
אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אִין שֹׁמְרוֹן צְװייא
יָאהְר:
24 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן װָאס
שְׁלֶעכְט אִיז אִין דִיא אױגֶען פוּן דֶעם
הַאר, עֶר הָאט זִיךְ נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט
פוּן דִיא זִינְד פוּן יָרָבְעָם דֶעם זוּהְן פוּן
נְבָט, װָאס עֶר הָאט גֶעמַאכְט זִינְדִיגֶען
יִשְׂרָאֵל:
25 אוּנְד פֶּקַח דֶער זוּהְן פוּן רְמַלְיָהוּ
זֵיין הױפְּטמַאן, הָאט אויף אִיהְם גֶע־
מַאכְט אֵיין בּוּנְד, אוּנְד עֶר הָאט

איהם געשלאגען אין שמרון, אין דעם
פאלאץ פון דעם הויז פון דעם קעניג,
אונד ארגוב אונד אריה, אונד מיט איהם
וואַרען פופציג מאן, דיא קינדער
פון דיא גלעדים, אונד ער האט איהם
געטייט, אונד ער האט רעגיערט
אנשטאט איהם:

26 אונד דיא איבריגע זאכען פון
פקחיה, אונד אלעס וואס ער האט
געטהון, זענען זייא ניט פערשריבען
אין דעם בוך פון דברי הימים פון
דיא קעניגע פון ישראל?

27 אין דעם צווייא אונד פינפציגסטען
יאהר פון עזריה דעם קעניג פון יהודה,
האט פקח דער זוהן פון רמליהו רע־
גיערט אין שמרון צוואנציג יאהר:

28 אונד ער האט געטהון וואס
שלעכט איז אין דיא אויגען פון דעם
הארר, ער האט זיך ניט אפגעקעהרט
פון דיא זינד פון ירבעם דעם זוהן פון
נבט, וואס ער האט געמאכט זינדיגען
דיא ישראל:

29 אין דיא צייטען פון פקח דעם
קעניג פון ישראל איז געקומען תגלת
פלאסר דער קעניג פון אשור, אונד
ער האט צוגענומען עיון, אונד אבל
בית מעכה, אונד ינוח אונד קדש אונד
חצור, אונד גלעד אונד גליל, דאס
גאנצע לאנד פון נפתלי, אונד ער האט
זייא פערטריבען נאך אשור:

30 אונד הושע דער זוהן פון אלה
האט געמאכט א בונד אויף פקח דעם
זוהן פון רמליהו, אונד ער האט איהם
געשלאגען, אונד ער האט איהם גע־
טייט, אונד ער האט רעגיערט אנשטאט
איהם, אין דעם צוואנציגסטען יאהר
פון יותם דעם זוהן פון עוזיהו:

31 אונד דיא איבריגע זאכען פון
פקח, אונד אלעס וואס ער האט גע־
טהון, זענען זייא ניט פערשריבען
אין דעם בוך פון דברי הימים פון דיא
קעניגע פון ישראל?

32 אין דעם צווייטען יאהר פון פקח
דעם זוהן פון רמליהו דעם קעניג פון
ישראל, האט רעגיערט יותם דער זוהן
פון עוזיהו, דער קעניג פון יהודה:

33 פינף אונד צוואנציג יאהר איז ער
אלט געוועזען אלס ער איז געווארען
קעניג, אונד זעכצעהן יאהר האט ער
רעגיערט אין ירושלים, אונד דער נא־
מען פון זיינע מוטער איז געוועזען
ירושא דיא טאכטער פון צדוק:

34 אונד ער האט געטהון דיא רעכט־
פארטיגקייט אין דיא אויגען פון דעם
הארר, אזוי וויא אלעס וואס זיין פאטער
עוזיהו האט געטהון האט ער אויך
געטהון:

35 נאר דיא במות האבען זייא ניט
אפגעשאפט, דאס פאלק האט נאך
געשאכטען אונד געדעמפפט אויף דיא
במות; ער האט געבויט דאס אויבער־
שטע טויער אין דעם הויז פון דעם
הארר:

36 אונד דיא איבריגע זאכען פון
יותם, אונד אלעס וואס ער האט גע־
טהון, זענען זייא ניט געשריבען אין
דעם בוך פון דברי הימים פון דיא
קעניגע פון יהודה?

37 אין יענע צייטען האט דער הארר
אנגעהויבען אנצושיקען קעגען יהודה
רצין דעם קעניג פון ארם, אונד פקח
דעם זוהן פון רמליהו:

38 אונד יותם האט זיך געלייגט מיט
זיינע עלטערן, אונד ער איז בעגראבען

גֶעוָוארֶען בַּייא זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אִין דֶער שְׁטָאט פוּן זַיין פָאטֶער דָוִד, אוּנְד זַיין זוּהְן אָחָז הָאט רֶעגִיעֶרְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם:

## קאפיטעל טז

1 אִין דֶעם זִיבֶּעצֶענְטֶען יָאהְר פוּן פֶּקַח דֶעם זוּהְן פוּן רְמַלְיָהוּ, הָאט רֶעגִיעֶרְט אָחָז דֶער זוּהְן פוּן יוֹתָם דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה:

2 צְוַואנְצִיג יָאהְר אִיז אָחָז אַלְט גֶעוֶועזֶען, אַלְס עֶר אִיז קֶענִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֶעכְצֶען יָאהְר הָאט עֶר רֶעגִיעֶרְט אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעטְהוּן דִיא רֶעכְטפֶערְטִיגְקַייט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי וִויא זַיין פָאטֶער דָוִד:

2 נֵייעֶרְט עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם וֶועג פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אוֹיךְ זַיין זוּהְן הָאט עֶר דוּרְכְגֶעפִירְט אִים פֵייעֶר, אַזוֹי וִויא דִיא אוּנְוֶוירְדִיגְקֵייט פוּן דִיא פֶעלְקֶער וָואס דֶער הַאר הָאט זֵייא פַארְטְרִיבֶּען פַאר דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל:

4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשָׁאכְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶערֵייכֶערְט אוֹיף דִיא בָּמוֹת, אוּנְד אוֹיף דִיא הִיגְלֶען, אוּנְד אוּנְטֶער אַלֶע גְרִינֶע בֵּיימֶער:

5 דַאמָאלְס אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען רְצִין, דֶער קֶענִיג פוּן אַרָם, אוּנְד פֶּקַח דֶער זוּהְן פוּן רְמַלְיָהוּ דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ בֶּעלַאגֶערְט קֶעגֶען אָחָז, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט מִלְחָמָה הַאלְטֶען:

6 צוּ יֶענֶער צַייט הָאט רְצִין דֶער קֶענִיג פוּן אַרָם צוּרִיקְגֶענוּמֶען אֵילַת פוּן אַרָם, אוּנְד עֶר הָאט פַארְיָאגְט דִיא יְהוּדִים פוּן אֵילוֹת, אוּנְד דִיא אֲדוֹמִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דָארְטֶען בֶּעזֶעצְט, בִּיז אוֹיף דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג:

7 אוּנְד אָחָז הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ תִּגְלַת פִּלֶסֶר דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיךְ בִּין דֵיין קְנֶעכְט אוּנְד דֵיין זוּהְן, גֵייא אוֹיף, אוּנְד הֶעלְף מִיר פוּן דִיא הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן אַרָם, אוּנְד פוּן דִיא הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס שְׁטֵייעֶן אוֹיף קֶעגֶען מִיר:

8 אוּנְד אָחָז הָאט גֶענוּמֶען דָאס זִילְבֶּער אוּנְד דָאס גָאלְד, וָואס וַואר גֶעפוּנֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אִין דִיא אוֹצְרוֹת פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד הָאט עֶס גֶעשִׁיקְט אַלְס שֹׁחַד צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר:

9 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר הָאט אִיהְם גֶעהָארְכְט, אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ דַמֶשֶׂק, אוּנְד עֶר הָאט זִיא בֶּעצְווִאוּנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיא פֶערְטְרִיבֶּען נָאךְ קִיר, אוּנְד רְצִין הָאט עֶר גֶעטֵייט:

10 אוּנְד דֶער קֶענִיג אָחָז אִיז גֶעגַאנְגֶען עֶנְטְקֶעגֶען תִּגְלַת פִּלְאֶסֶר דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר נָאךְ דַמֶשֶׂק, אוּנְד אַלְס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם מִזְבֵּחַ וָואס אִיז אִין דַמֶשֶׂק, אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג אָחָז גֶעשִׁיקְט צוּ דֶעם כֹּהֵן אוּרִיָה דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד זַיין גְלֵייכֶענִיס, גַאנְץ וִויא עֶר אִיז גֶעמַאכְט:

11 אוּנְד דֶער כֹּהֵן אוּרִיָה הָאט גֶעבּוֹיט דֶעם מִזְבֵּחַ, נָאךְ אַלֶעס וָואס דֶער קֶענִיג אָחָז הָאט גֶעשִׁיקְט פוּן דַמֶשֶׂק, אֵיידֶער דֶער קֶענִיג אָחָז אִיז גֶעקוּמֶען פוּן דַמֶשֶׂק:



אוּנְד

12 אוּנְד וֶוען דֶער קֶענִיג אִיז גֶעקוּמֶען פוּן דַמֶשֶׂק, אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזֶעהֶען דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעאָפְּפֶערְט אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד הָאט אוֹיף אִיהְם אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט (קָרְבָּנוֹת):

13 אוּנְד עֶר הָאט גֶערֵייכֶערְט זֵיין בְּרַאנְדאָפְּפֶער, אוּנְד זֵיין שְׁפֵּייזאָפְּפֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגָאסֶען זֵיין טְרַאנְקאָפְּפֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁפְּרֶענְגְט דָאס בְּלוּט פוּן דִיא פְרִידֶענְסאָפְּפֶער וָואס וַאר פַאר אִיהְם אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ:

14 אוּנְד דֶעם קוּפֶּערְנֶעם מִזְבֵּחַ וָואס וַאר פַאר דֶעם הַאר, הָאט עֶר אָפְּגֶערוּקְט פוּן פַאר דֶעם הוֹיז, פוּן צְווִישֶׁען דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד פוּן צְווִישֶׁען דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אַן דֶער זֵייט פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ, צוּ צָפוֹן זֵייט:

15 אוּנְד דֶער קֶענִיג אָחָז הָאט גֶעבָּאטֶען אוּרִיָה דֶעם כֹּהֵן, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אוֹיף דֶעם גְרוֹיסֶען מִזְבֵּחַ זָאלְסְט דוּא רֵייכֶערְן דָאס מָארְגֶען בְּרַאנְדאָפְּפֶער, אוּנְד דָאס שְׁפֵּייזאָפְּפֶער פוּן אָבֶענְד, אוּנְד דָאס בְּרַאנְדאָפְּפֶער פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד זֵיין שְׁפֵּייזאָפְּפֶער, אוּנְד דָאס בְּרַאנְדאָפְּפֶער פוּן דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד, אוּנְד זֵייעֶרֶע שְׁפֵּייזאָפְּפֶער אוּנְד זֵייעֶרֶע טְרַאנְקאָפְּפֶער, אוּנְד אַלֶעס בְּלוּט פוּן דִיא בְּרַאנְדאָפְּפֶער, אוּנְד אַלֶעס בְּלוּט פוּן דִיא שֶׁעכְטוּנְג, זָאלְסְט דוּא אוֹיף אִיהְם שְׁפְּרֶענְגֶען, אוּנְד דֶער קוּפֶּערְנֶער מִזְבֵּחַ וֶועט פַאר מִיר זֵיין (בֵּייא אִיהְם) צוּ פָארְשֶׁען:

16 אוּנְד דֶער כֹּהֵן אוּרִיָה הָאט גֶעמַאכְט, נָאךְ אַלֶעס וָואס דֶער קֶענִיג אָחָז הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען:

17 אוּנְד דֶער קֶענִיג אָחָז הָאט אָפְּגֶעהַאקְט דִיא לֵייסְטֶען פוּן דִיא גֶעשְׁטֶעלֶען, אוּנְד עֶר הָאט אַרוּפְּגֶענוּמֶען פוּן זֵייא דִיא וַואשְׁבֶּעקֶען, אוּנְד דֶעם יַם הָאט עֶר אַרוּפְּגֶענוּמֶען פוּן דִיא קוּפֶּערְנֶע רִינְדֶער וָואס וַאר דַארוּנְטֶער, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף אֵיין שְׁטֵיינֶערְנֶע פְּלַאסְטֶערוּנְג:

18 אוּנְד דִיא דֶעק פוּן שַׁבָּת וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעבּוֹיט אִין דֶעם הוֹיז, אוּנְד דֶעם אַרֵיינְגַאנְג פוּן דֶעם קֶענִיג וָואס וַאר דְרוֹיסֶען, הָאט עֶר גֶעוֶוענְדֶעט אִינְוֶוענְדִיג אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, פַאר דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר:

19 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן אָחָז, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, זֶענֶען זֵייא נִיט פֶערְשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דִבְרֵי הַיָמִים צוּ דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה?

20 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט זֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד עֶר אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען בֵּייא זֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אִין דֶער שְׁטָאט פוּן דָוִד, אוּנְד זֵיין זוּהְן חִזְקִיָהוּ הָאט רֶעגִיעֶרְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם:

קאפיטעל יז

1 אִין דֶעם צְוֶועלְפְטֶען יָאהְר פוּן אָחָז דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, הָאט הוֹשֵׁעַ דֶער זוּהְן פוּן אֵלָה רֶעגִיעֶרְט אִין שֹׁמְרוֹן אִיבֶּער דִיא יִשְׂרָאֵל נַיין יָאהְר:

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן וָואס שְׁלֶעכְט אִיז אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר, אָבֶּער נִיט וִויא דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פַאר אִיהְם:

3 קֶעגֶען אִיהְם אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען שַׁלְמַנְאֶסֶר דֶער קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר, אוּנְד הוֹשֵׁעַ אִיז גֶעוֶועזֶען זֵיין קְנֶעכְט, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט גֶעשֶׁענְק:

4 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר הָאט

גֶעפוּנֶען אִין הוֹשֵׁעַ אֵיין בּוּנְד, דַאמִיט
וָואס עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ
סוֹא דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר
הָאט נִיט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אֵיין גֶעשַׁאנְק
צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן אַשׁוּר וִויא אַלֶע
יָאהְר. אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַשׁוּר הָאט
אִיהְם פֶּעסְט גֶענוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט
אִיהְם גֶעבּוּנְדֶען אִין דֶעם גֶעפֶענְגֶענִיס:
5 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַשׁוּר אִיז
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד,
אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ
שֹׁמְרוֹן, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ קֶעגֶען אִיהְר
גֶעלַאגֶערְט דְרֵייא יָאהְר:
6 אִין דֶעם נֵיינְטֶען יָאהְר פוּן הוֹשֵׁעַ,
הָאט דֶער קֶענִיג פוּן אַשׁוּר בֶּעצְוִואוּנְגֶען
שֹׁמְרוֹן, אוּנְד דִיא יִשְׂרָאֵל הָאט עֶר
פֶערטְרִיבֶּען נָאךְ אַשׁוּר, אוּנְד עֶר הָאט
זֵייא בֶּעזֶעצְט אִין חֲלַח אוּנְד אִין חָבוֹר
בֵּייא דֶעם טֵייךְ גוֹזָן, אוּנְד אִין דִיא
שְׁטֶעט פוּן מָדַי:
7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, ווייל דִיא
קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט
צוּ דֶעם הַאר, זֵייעֶר גָאט, וָואס הָאט
זֵייא אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם, פוּן אוּנְטֶער דֶער הַאנְד פוּן
פַּרְעֹה דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט פַאר
פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער:
8 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא
חוּקוֹת פוּן דִיא פֶעלְקֶער, וָואס דֶער
הַאר הָאט זֵייא פֶערטְרִיבֶּען פַאר דִיא
קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, (אוּנְד אִין דִיא
גֶעזֶעץ) וָואס דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעמַאכְט:
9 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען אוֹיסְגֶעטְרַאכְט זַאכֶען, וָואס
אִיז נִיט רֶעכְט אוֹיף דֶעם הַאר, זֵייעֶר
גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוֹיט
בָּמוֹת אִין אַלֶע זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט, פוּן דֶעם
טְהוּרְעם פוּן דִיא וֶועכְטֶער, בִּיז צוּ דִיא
פֶעסְטֶע שְׁטָאט:
10 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶע־
שְׁטֶעלְט מַצֵּבוֹת, אוּנְד לִינְדֶענְבֵּיימֶער,
אוֹיף אַלֶע הוֹיכֶע הִיגְלֶען, אוּנְד אוּנְטֶער
אַלֶע גְרִינֶע בֵּיימֶער:
11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָארְטֶען גֶע־
דֶעמְפְּפְט אוֹיף אַלֶע בָּמוֹת, אַזוֹי וִויא
דִיא פֶעלְקֶער וָואס דֶער הַאר הָאט
פַאר זֵייא פֶערטְרִיבֶּען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעטְהוּן שְׁלֶעכְטֶע זַאכֶען, אוּם צוּ
דֶערְצָארֶענֶען דֶעם הַאר:
12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעדִינְט דִיא
גֶעצֶען, וָואס דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט
צוּ זֵייא, דָאס אִיהְר זָאלְט דִיא דָאזִיגֶע
זַאךְ נִיט מַאכֶען:
13 אוּנְד דֶער הַאר הָאט עֵדוּת גֶעזָאגְט
קֶעגֶען יִשְׂרָאֵל אוּנְד קֶעגֶען יְהוּדָה, דוּרְךְ
אַלֶע נְבִיאִים אוּנְד אַלֶע זֶעהֶער, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, קֶעהְרְט אֵייךְ צוּרִיק פוּן
אֵיירֶע שְׁלֶעכְטֶע וֶועגֶען, אוּנְד הִיט
מֵיינֶע מִצְוֹת, מֵיינֶע גֶעזֶעצֶע, אַזוֹי וִויא
דִיא גַאנְצֶע תּוֹרָה, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶע־
בָּאטֶען אֵיירֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד וָואס אִיךְ
הָאבּ גֶעשִׁיקְט צוּ אֵייךְ דוּרְךְ מֵיינֶע
קְנֶעכְט, דִיא נְבִיאִים:
14 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען הַארְט גֶעמַאכְט
זֵייעֶר נַאקֶען, אַזוֹי וִויא דֶער נַאקֶען
פוּן זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, וָואס זֵייא הָאבֶּען
נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אִין דֶעם הַאר, זֵייעֶר
גָאט:
15 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְהַאסְט זֵיינֶע
גֶעזֶעץ, אוּנְד זֵיין בּוּנְד וָואס עֶר הָאט
גֶעמַאכְט מִיט זֵיירֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד

זַיינֶע צֵיינְנִים, וָואס עֶר הָאט קֶעגֶען זַייא
עֵדוּת גֶעזָאגְט, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶענַאנְגֶען
נָאךְ דִיא נַארִישְׁקֵייט, אוּנְד זַייא זֶענֶען
פֶערְנַארִישְׁט גֶעוָוארֶען, אוּנְד נָאךְ דִיא
פֶעלְקֶער וָואס זֶענֶען אַרוּם זַייא, וָואס
דֶער הַאר הָאט זַייא גֶעבָּאטֶען, אַז זַייא
זָאלֶען נִיט טְהוּן וִויא זַייא :
16 אוּנְד זַייא הָאבֶען פֶערְלָאזֶען אַלֶע
מִצְוֹת פוּן דֶעם הַאר, זַייעֶר גָאט, אוּנְד
זַייא הָאבֶען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דִיא גַאנְצֶע
הֶערְשַׁאפְט פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד זַייא
הָאבֶען גֶעדִינְט דֶעם בַּעַל :
17 אוּנְד זַייא הָאבֶען דוּרְכְגֶעפִיהְרְט
זַיירֶע זִיהְן אוּנְד זַיירֶע טֶעכְטֶער, דוּרְךְ
דֶעם פֵייעֶר, אוּנְד זַייא הָאבֶען כִּישׁוּף
גֶעמַאכְט, אוּנְד זַייא הָאבֶען וָואהְר
גֶעזָאגְט, אוּנְד זַייא הָאבֶען זִיךְ פֶערְ־
קוֹיפְט, צוּ טְהוּן דָאס שְׁלֶעכְטֶע אִין
דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר, אִיהְם צוּ
דֶערְצֶערְנֶען :
18 אוּנְד דֶער הַאר הָאט זַייעֶר גֶע־
צָארֶענְט קֶעגֶען דִיא יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר
הָאט זַייא אָפְּגֶעטְהוּן פוּן זַיין אָנְ־
גֶעזִיכְט, עֶס אִיז נִיט גֶעבְּלִיבֶּען, נֵייעֶרְט
דֶער שֵׁבֶט יְהוּדָה אַלֵיין :
19 אוֹיךְ יְהוּדָה הָאט נִיט גֶעהִיט דִיא
מִצְוֹת פוּן דֶעם הַאר, זַייעֶר גָאט, אוּנְד
זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא גֶעזֶעצֶע
פוּן דִיא יִשְׂרָאֵל וָואס זַייא הָאבֶּען
גֶעמַאכְט :
20 אוּנְד דֶער הַאר הָאט פֶערְהַאסְט
דֶעם גַאנְצֶען זָאמֶען פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
עֶר הָאט זַייא גֶעדְרִיקְט, אוּנְד עֶר הָאט
זַייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן
רוֹיבֶּער, בִּיז עֶר הָאט זַייא פֶערְוָוארְפֶען
פוּן זַיין אָנְגֶעזִיכְט :
21 וָוארִין יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ אָפְּגֶע־
רִיסֶען פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דָוִד, אוּנְד
זַייא הָאבֶען גֶעמַאכְט קֶענִיגֶען יָרָבְעָם
דֶעם זוּהְן פוּן נְבָט, אוּנְד יָרָבְעָם הָאט
פֶערְשְׁטוֹיסֶען דִיא יִשְׂרָאֵל פוּן אוּנְטֶער
דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶע־
מַאכְט זִינְדִיגֶען אִין גְרוֹיסֶע זִינְד :
22 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען
גֶעגַאנְגֶען אִין אַלֶע זִינְד פוּן יָרָבְעָם
וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, זַייא הָאבֶען זִיךְ
נִיט דֶערְפוּן אָפְּגֶעקֶעהְרְט :
23 בִּיז דֶער הַאר הָאט אָפְּגֶע־
טְהוּן דִיא יִשְׂרָאֵל פוּן זַיין אָנְגֶעזִיכְט,
אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶערֶעט דוּרְךְ אַלֶע
זַיינֶע קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים, אוּנְד עֶר
הָאט פֶערְטְרִיבֶּען דִיא יִשְׂרָאֵל פוּן זַיין
לַאנְד נָאךְ אַשּׁוּר בִּיז אוֹיף דֶעם
הֵיינְטִיגֶען טָאג :
24 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר הָאט
גֶעבְּרַאכְט פוּן בָּבֶל, אוּנְד פוּן כּוּתָה,
אוּנְד פוּן עַוָּה, אוּנְד פוּן הַמָת, אוּנְד
פוּן סְפַרְוַיִם, אוּנְד עֶר הָאט (מִיט זַייא)
בֶּעזֶעצְט דִיא שְׁטֶעט פוּן שֹׁמְרוֹן אַנְשְׁטָאט
דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען שֹׁמְרוֹן גֶעעֶרְבְּט, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין זַיירֶע שְׁטֶעט :
25 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִים אָנְפַאנְג
וֶוען זַייא הָאבֶען זִיךְ דָארְטֶען בֶּעזֶעצְט,
הָאבֶּען זַייא זִיךְ נִיט גֶעפָארְכְטֶען פַאר
דֶעם הַאר, אוּנְד דֶער הַאר הָאט אוֹיף
זַייא אָנְגֶעשִׁיקְט דִיא לֵייבֶּען, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען פוּן זַייא גֶעטֵייט :
26 אוּנְד מֶען הָאט עֶס גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דִיא
פֶעלְקֶער וָואס דוּא הָאסְט פַארְטְרִיבֶען,
אוּנְד דוּא הָאסְט בֶּעזֶעצְט אִין דִיא
שְׁטֶעט פוּן שֹׁמְרוֹן, וַויסֶען נִיט דָאס
רֶעכְט פוּן דֶעם הַאר, דֶעם גָאט פוּן

דֶעם לַאנְד, אַזוֹי הָאט עֶר קֶעגֶען זֵייא
אָנְגֶעשִׁיקְט דִיא לֵייבֶּען, אוּנְד זֵייא
טֵייטֶען זֵייא, וֵוייל זֵייא ווִיסֶען נִיט דָאס
רֶעכְט פוּן דֶעם גָאט פוּן דֶעם לַאנְד:
27 אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר
גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיהְר זָאלְט
אַהִינְפִּיהְרֶען אֵיינֶעם פוּן דִיא כֹּהֲנִים,
וָואס אִיהְר הָאט פוּן דָארְטֶען פַארְ־
טְרִיבֶּען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען גֵיין אוּנְד
זָאלֶען זִיךְ דָארְטֶען בֶּעזֶעצֶען, אוּנְד
זֵייא זָאלֶען זֵייא לֶערְנֶען דָאס רֶעכְט
פוּן דֶעם גָאט פוּן דֶעם לַאנְד:
28 אַזוֹי אִיז גֶעקוּמֶען אֵיינֶער פוּן דִיא
כֹּהֲנִים, וָואס זֵייא הָאבֶּען פַארְטְרִיבֶּען
פוּן שֹׁמְרוֹן, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט
אִין בֵּית־אֵל, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶע־
לֶערְנְט ווִיא זֵייא זָאלֶען פָארְכְטֶען פַאר
דֶעם הַאר:
29 אָבֶּער אִיטְלִיכֶעס פָאלְק הָאט זִיךְ
גֶעמַאכְט זֵיין גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זֵייא גֶעלֵייגְט אִין דִיא הֵייזֶער וָואס זֶע־
נֶען אוֹיף דִיא בָּמוֹת, וָואס דִיא שֹׁמְרוֹנִים
הָאבֶּען זֵייא גֶעמַאכְט, יֶעדֶעס פָאלְק
אִין זֵיירֶע שְׁטֶעט ווְאוּ זֵייא הָאבֶּען
דָארְטֶען גֶעווְאוֹינְט:
30 אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען פוּן בָּבֶל הָאבֶּען
גֶעמַאכְט סֻכּוֹת בְּנוֹת, אוּנְד דִיא מֶענֶער
פוּן כּוּת הָאבֶּען גֶעמַאכְט נֵרְגַל, אוּנְד
דִיא מֶענְשֶׁען פוּן חֲמָת הָאבֶּען גֶעמַאכְט
אֲשִׁימָא:
31 אוּנְד דִיא עַוִּים הָאבֶּען גֶעמַאכְט
נִבְחַז אוּנְד תַּרְתָּק, אוּנְד דִיא סְפַרְוִים
הָאבֶּען פֶערְבְּרֶענְט זֵיירֶע זִיהְן אִים פֵייעֶר
צוּ אַדְרַמֶּלֶךְ אוּנְד עֲנַמֶּלֶךְ, דִיא גֶעטֶער
פוּן דִיא סְפַרְוִים:
32 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען
פַאר דֶעם הַאר, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
גֶעמַאכְט פוּן אֵיין טְהֵייל פוּן זֵייא
כֹּהֲנִים צוּ דִיא בָּמוֹת, אוּנְד זֵייא הָאבּ־
בֶּען גֶעטְהוּן פַאר זֵייא (זֵייעֶר דִינְסְט)
אִין דֶעם הוֹיז פוּן דִיא בָּמוֹת:
33 פַאר דֶעם הַאר הָאבֶּען זֵייא זִיךְ
גֶעפָארְכְטֶעט, אָבֶּער זֵיירֶע גֶעטֶער הָאבּ־
בֶּען זֵייא גֶעדִינְט, נָאךְ דֶעם שְׁטֵייגֶער
פוּן דִיא פֶעלְקֶער, וָואס זֵייא זֶענֶען
פוּן דָארְטֶען פַארְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען:
34 בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג טְהוּעֶן
זֵייא ווִיא זֵיירֶע עֶרְשְׁטֶע גֶעווֹאהְנְהֵייטֶען,
זֵייא פָארְכְטֶען זִיךְ נִיט פַאר דֶעם הַאר
אוּנְד זֵייא טְהוּעֶן נִיט נָאךְ זֵייעֶר גֶע־
זֶעץ, אוּנְד נָאךְ זֵייעֶר רֶעכְט, אוּנְד נָאךְ
דִיא תּוֹרָה אוּנְד נָאךְ דֶעם גֶעבָּאט, וָואס
דֶער הַאר הָאט גֶעבָּאטֶען דִיא זִיהְן פוּן
יַעֲקֹב, וָואס עֶר הָאט זֵיין נָאמֶען
גֶערוּפֶען יִשְׂרָאֵל:
35 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעמַאכְט
מִיט זֵייא אֵיין בּוּנְד, אוּנְד עֶר הָאט
זֵייא גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיהְר
זָאלְט נִיט פָארְכְטֶען פְרֶעמְדֶע
אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט
צוּ זֵייא בּוּקֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא
נִיט דִינֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּ זֵייא
נִיט מַקְרִיב זֵיין:
36 נֵייעֶרְט דֶעם הַאר, וָואס עֶר הָאט
אֵייךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם, מִיט גְרוֹיסֶע קְרַאפְט, אוּנְד מִיט
אֵיין אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶען אָרֶעם, אִיהְם
זָאלְט אִיהְר פָארְכְטֶען, אוּנְד צוּ
אִיהְם זָאלְט אִיהְר אֵייךְ בִּיקֶען, אוּנְד צוּ
אִיהְם זָאלְט אִיהְר שֶׁעכְטֶען (קָרְבָּנוֹת):
37 אוּנְד דִיא גֶעזֶעץ, אוּנְד דִיא רֶעכְטֶע,
אוּנְד דִיא תּוֹרָה אוּנְד דִיא גֶעבָּאט וָואס
עֶר הָאט פַאר אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען, זָאלְט
אִיהְר הִיטֶען צוּ טְהוּן אַלֶע טֶעג; אוּנְד

אִיהְר זָאלְט נִיט פָארְכְטֶען פְרֶעמְדֶע
אָפְּגֶעטֶער:
38 אוּנְד דֶעם בּוּנְד וָואס אִיךְ הָאבּ
מִיט אֵייךְ גֶעמַאכְט, זָאלְט אִיהְר נִיט
פֶערְגֶעסֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט
פָארְכְטֶען פְרֶעמְדֶע אָפְּגֶעטֶער:
39 נֵייעֶרְט דֶעם הַאר, אֵייעֶר
גָאט זָאלְט אִיהְר פָארְכְטֶען, אוּנְד
עֶר וֶועט אֵייךְ מַצִּיל זַיין פוּן דִיא הַאנְד
פוּן אַלֶע אֵייעֶרֶע פֵיינְד:
40 זַייא הָאבֶּען אָבֶּער נִיט גֶעהָארְכְט,
נֵייעֶרְט וִויא זַייעֶר עֶרְשְׁטֶע גֶעוָואהְנְהַייט
הָאבֶּען זַייא גֶעטְהוּן:
41 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא דָאזִיגֶע
פֶעלְקֶער גֶעפָארְכְטֶען דֶעם הַאר,
אוּנְד זַייעֶרֶע בִּילְדֶער הָאבֶּען זַייא גֶע־
דִינְט; אוּנְד אוֹיךְ זַייעֶרֶע קִינְדֶער אוּנְד
זַייעֶרֶע קִינְדֶערְס קִינְדֶער, אַזוֹי וִויא זַייעֶרֶע
עֶלְטֶערְן הָאבֶּען גֶעטְהוּן, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא
גֶעטְהוּן, בִּיז צוּ דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג:

## קאפיטעל יח

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
דְרִיטֶען יָאהְר פוּן הוֹשֵׁעַ דֶעם זוּהְן פוּן
אֵלָה דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, הָאט
רֶעגִיעֶרְט חִזְקִיָה דֶער זוּהְן פוּן אָחָז
דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה:
2 פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר אִיז עֶר
אַלְט גֶעוֶועזֶען אַלְס עֶר אִיז קֶענִיג
גֶעוָוארֶען, אוּנְד נַיין אוּנְד צְוַואנְצִיג
יָאהְר הָאט עֶר רֶעגִיעֶרְט אִין יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זַיינֶע מוּטֶער
אִיז גֶעוֶועזֶען אֲבִי, דִיא טָאכְטֶער פוּן
זְכַרְיָה:
3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דִיא רֶעכְט־
פֶארְטִיגְקַייט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם
הַאר, נָאךְ אַלֶעם וָואס זַיין פָאטֶער
דָוִד הָאט גֶעטְהוּן:
4 עֶר הָאט אָפְּגֶעשַׁאפְט דִיא בָּמוֹת,
אוּנְד עֶר הָאט צוּבְּרָאכֶען דִיא מַצֵּבוֹת,
אוּנְד עֶר הָאט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען דֶעם
לִינְדֶענְבּוֹים, אוּנְד עֶר הָאט צֶער־
שְׁטוֹיסֶען דִיא קוּפֶּערְנֶע שְׁלַאנְג וָואס
משֶׁה הָאט גֶעמַאכְט, וָוארִין בִּיז יֶענֶער
צַייט הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
צוּ אִיהְם גֶערֶעמְפְּפְט, אוּנְד מֶען הָאט
אִיהְם גֶערוּפֶען, נְחֻשְׁתָּן:
5 אִין דֶעם הַאר גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל
הָאט עֶר זִיךְ פֶערְזִיכֶערְט, אוּנְד נָאךְ
אִיהְם אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא עֶר
אוּנְטֶער אַלֶע קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה, אוּנְד
וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פַאר אִיהְם:
6 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ בֶּעהֶעפְט אַן
דֶעם הַאר, עֶר הָאט זִיךְ נִיט אָפְּגֶע־
קֶעהְרְט פוּן הִינְטֶער אִיהְם, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעהִיט זַיינֶע מִצְוֹת וָואס דֶער
הַאר הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ משֶׁה:
7 אוּנְד דֶער הַאר אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט
אִיהְם, אוּנְד וְואוּ עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
הָאט עֶר בֶּעגְלִיקְט; אוּנְד עֶר הָאט
וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט אַן דֶעם קֶענִיג פוּן
אַשּׁוּר אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם נִיט גֶע־
דִינְט:
8 עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים
בִּיז עַזָה אוּנְד אִיהְרֶע גְרֶענְעֶצֶען, פוּן
דֶעם טְהוּרֶעם פוּן דִיא וֶועכְטֶער, בִּיז
אַן דִיא פֶעסְטֶע שְׁטָאט:
9 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
פִירְטֶען יָאהְר, פוּן דֶעם קֶענִיג חִזְקִיָהוּ,
דָאס אִיז דָאס זִיבֶּעטֶע יָאהְר פוּן הוֹשֵׁעַ
דֶעם זוּהְן פוּן אֵלָה דֶער קֶענִיג פוּן
יִשְׂרָאֵל, אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען שַׁלְמַנְאֶסֶר
דֶער קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר קֶעגֶען שֹׁמְרוֹן,
אוּנְד עֶר הָאט זִיא בֶּעלַאגֶערְט:
10 אוּנְד עֶר הָאט זִיא בֶּעצְוְואוּנְגֶען

אָם עֶנְדע פוּן דְרֵייא יָאהְר. אִין דֶעם זֶעכְסטֶען יָאהְר פוּן חִזְקִיָהוּ, דָאס אִיז דָאס נֵיינְטֶע יָאהְר פוּן הוֹשֵׁעַ דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיז שֹׁמְרוֹן בֶּע־צְוואוּנְגֶען גֶעוואָרֶען׃

11 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַשׁוּר הָאט פֶּערטְרִיבֶּען דִיא יִשְׂרָאֵל קַיין אַשׁוּר, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעפִּיהְרְט נָאךְ חֲלַח אוּנְד נָאךְ חָבוֹר בֵּייא דֶעם טֵייךְ גוֹזָן, אוּנְד אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן מָדַי׃

12 ווייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהָארְכְט צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר, זֵייעֶר גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעטְרֶעטֶען זַיין בּוּנְד, אַלֶעס וָואס מֹשֶׁה דֶער קְנֶעכְט פוּן דֶעם הַאר הָאט גֶעבָּאטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעהָארְכְט, אוּנְד נִיט גֶעטְהוּן׃

13 אוּנְד אִין דֶעם פִירְצֶעהְנְטֶען יָאהְר פוּן דֶעם קֶענִיג חִזְקִיָהוּ, אִיז סַנְחֵרִיב דֶער קֶענִיג פוּן אַשׁוּר אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען אַלֶע פֶעסְטֶע שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אֵיינְגֶענוּמֶען׃

14 אוּנְד חִזְקִיָהוּ דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן אַשׁוּר נָאךְ לָכִישׁ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,–אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט, קֶעהְר דִיךְ צוּרִיק פוּן מִיר, אַלֶעס וָואס דוּא וֶועסְט אוֹיף מִיר אַרוֹיפְלֵייגֶען, וֶועל אִיךְ טְרָאגֶען, אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַשׁוּר הָאט אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט אוֹיף חִזְקִיָהוּ דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, דְרֵייא הוּנְדֶערְט צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער, אוּנְד דְרֵייסִיג צֶענְטְנֶער גָאלְד׃

15 אוּנְד חִזְקִיָהוּ הָאט אָפְּגֶעגֶעבֶּען דָאס גַאנְצֶע זִילְבֶּער, וָואס אִיז גֶעפוּנֶען גֶעוואָרֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אִין דִיא אוֹצְרוֹת פוּן דֶעם קֶענִיג'ס הוֹיז׃

16 אִין יֶענֶער צֵייט, הָאט חִזְקִיָהוּ אַרוֹיסְגֶעהָאקְט דִיא טְהִירֶען פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד דִיא זֵיילֶען, וָואס חִזְקִיָהוּ דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה הָאט בֶּעדֶעקְט, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן אַשׁוּר׃

17 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַשׁוּר הָאט גֶעשִׁיקְט תַּרְתָּן, אוּנְד רַב סָרִיס, אוּנְד רַבְשָׁקֵה פוּן לָכִישׁ, צוּ דֶעם קֶענִיג חִזְקִיָהוּ, מִיט אֵיין שְׁוֶוערֶען חַיִל קַיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט בֵּייא דֶעם גְרָאבֶּען פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען טֵייךְ, אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶעם פֶעלְד פוּן דִיא וֶועשֶׁער׃

18 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוּפֶען צוּ דֶעם קֶענִיג, אַזוֹי אִיז צוּ זֵייא אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אֶלְיָקִים דֶער זוּהְן פוּן חִלְקִיָהוּ וָואס עֶר אִיז אִיבֶּער דֶעם הוֹיז, אוּנְד דֶער שְׁרֵייבֶּער שֶׁבְנָה, אוּנְד יוֹאָח דֶער זוּהְן פוּן אָסָף דֶער קַאנְצְלֶער׃

19 אוּנְד רַבְשָׁקֵה הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זָאגְט דָאךְ צוּ חִזְקִיָהוּ, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער גְרוֹיסֶער קֶענִיג, דֶער קֶענִיג פוּן אַשׁוּר, וָואס אִיז דִיא פֶערְזִיכֶערוּנְג, וָואס דוּא הָאסְט דִיךְ פֶערְזִיכֶערְט?

20 דוּא מֵיינְסְט דָאס עֶס אִיז נָאר רֵייד פוּן דִיא לִיפֶּען? עֶס אִיז דָא אֵיין עֵצָה אוּנְד שְׁטַארְקֵייט מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, אַצוּנְד אוֹיף וֶועמֶען הָאסְט דוּא דִיךְ פֶערְזִיכֶערְט, דָאס דוּא הָאסְט ווִידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט קֶעגֶען מִיר?

21 אוּנְד אַצוּנְד זֶעה, דוּא הָאסְט דִיךְ פֶערְזִיכֶערְט אוֹיף דִיא שְׁטִיצֶע פוּן דֶעם דָאזִיגֶען צוּבְּרָאכֶענֶעם שְׁטֶעקֶען, אוֹיף מִצְרַיִם, דָאס וֶוען אֵיין מֶענְשׁ זָאל זִיךְ אוֹיף אִיהְם אָנְשְׁפַּארֶען, אַזוֹי וֶועט עֶר קוּמֶען אִין זַיינֶע הַאנְד אוּנְד עֶס וֶועט אִיהְם דוּרְכשְׁטֶעכֶען, אַזוֹי אִיז פַּרְעה דֶער קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם צוּ אַלֶע דִיא וָואס פֶערְזִיכֶערֶען זִיךְ אוֹיף אִיהְם :

22 אוּנְד אוֹיבּ אִיהְר וֶועט צוּ מִיר זָאגֶען, מִיר פֶערְלָאזֶען זִיךְ אוֹיף דֶעם הַאר, אוּנְזֶער גָאט, אִיז עֶס נִיט דֶער וָואס חִזְקִיָּהוּ הָאט אָפְּגֶעטְהוּן זַיינֶע בָּמוֹת אוּנְד זַיינֶע מִזְבְּחוֹת, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוּדָה אוּנְד צוּ יְרוּשָׁלַיִם פַאר דֶעם דָאזִיגֶען מִזְבֵּחַ וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם זָאלְט אִיהְר אֵייךְ בִּיקֶען ?

23 אוּנְד אַצוּנְד גֶעט דָאךְ אֵיין עָרֶב צוּ מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען צְוֵוייא טוֹיזֶענְד פֶערְד, אוֹיבּ דוּא וֶועסְט קֶענֶען גֶעבֶּען רֵייטֶער אוֹיף זֵייא :

24 אוּנְד וִויא אַזוֹי וֶועסְט דוּא עֶנְטְזָאגֶען דָאס אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶעם הוֹיפְּט־מַאן, (אָדֶער) אֵיינֶעם פוּן דִיא קְלֶענְסְטֶע קְנֶעכְט פוּן מֵיין הַאר ? אוּנְד דוּא הָאסְט דִיךְ פֶערְזִיכֶערְט אוֹיף מִצְרַיִם, אוֹיף רֵייטְוֶועגֶען אוּנְד רֵייטֶער :

25 אַצוּנְד, בִּין אִיךְ דֶען אָהְן דֶעם הַאר אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט עֶס צוּ פֶערְדַארְבֶּען ? דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, גֵייא אַרוֹיף, קֶעגֶען דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, אוּנְד פֶערְדַארְבּ עֶס :

26 אוּנְד אֶלְיָקִים דֶער זוּהְן פוּן חִלְקִיָּהוּ הָאט גֶעזָאגְט, אוּנְד אוֹיךְ שֶׁבְנָה אוּנְד יוֹאָח, צוּ רַבְשָׁקֵה, רֶעד דָאךְ צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט אַרַמִית, וָוארִין מִיר פַארְשְׁטֵייעֶן, אָבֶּער דוּא זָאלְסְט מִיט אוּנְס נִיט רֶעדֶען יוּדִישׁ אִין דִיא אוֹירֶען פוּן דֶעם פָאלְק וָואס זֶענֶען אוֹיף דִיא מוֹיעֶר :

27 אוּנְד רַבְשָׁקֵה הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, צוּ וֶועגֶען דֵיין הַאר אוּנְד צוּ וֶועגֶען דִיר, הָאט מִיךְ מֵיין הַאר גֶעשִׁיקְט צוּ רֶעדֶען דִיא דָאזִיגֶע רֵייד ? דָאךְ אוֹיךְ צוּ דִיא מֶענְשֶׁען וָואס זִיצֶען אוֹיף דִיא מוֹיעֶר, דָאס זֵייא וֶועלֶען עֶסֶען זֵייעֶר צוֹאָה, אוּנְד טְרִינְקֶען זֵייעֶר הַשְׁתָּנָה מִיט אֵייךְ :

28 אוּנְד רַבְשָׁקֵה הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל אוֹיף יוּדִישׁ, אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט, אוּנְד גֶעזָאגְט, הֶערְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען קֶענִיג, דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר :

29 אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט, לָאז אֵייךְ חִזְקִיָּהוּ נִיט אֵיינְרֶעדֶען, וָוארִין עֶר וֶועט אֵייךְ נִיט קֶענֶען מַצִיל זַיין פוּן זַיין הַאנְד :

30 אוּנְד לָאז אֵייךְ חִזְקִיָּהוּ נִיט פֶערְזִיכֶערֶען אוֹיף דֶעם הַאר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער הַאר וֶועט אוּנְס מַצִיל זַיין, אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט וֶועט נִיט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר :

31 אִיהְר זָאלְט נִיט הָארְכֶען צוּ חִזְקִיָּהוּ, וָוארִין אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר, מַאכְט מִיט מִיר שָׁלוֹם, אוּנְד גֵייט אַרוֹיס צוּ מִיר, אַזוֹי וֶועט אִיהְר אִיטְלִיכֶער עֶסֶען פוּן זַיין וַויינְשְׁטָאק אוּנְד פוּן זַיין פֵייגֶענְבּוֹים, אוּנְד טְרִינְקְט אִיטְלִיכֶער דָאס וַואסֶער פוּן זַיין בְּרוּנֶען :

32 בִּיז אִיךְ וֶועל קוּמֶען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אֵייךְ נֶעמֶען אִין אֵיין לַאנְד אַזוֹי
וִויא אֵייעֶר לַאנְד, אֵיין לַאנְד פוּן קָארְן
אוּנְד וַויין, אֵיין לַאנְד פוּן בְּרוֹיט אוּנְד
וַויינְגֶערְטְנֶער, אֵיין לַאנְד פוּן אֵייל־
בֶּערְטֶען, אֵייל אוּנְד הָאנִיג, אוּנְד
בְּלֵייבְּט לֶעבֶּען, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט
שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט
הָארְכֶען צוּ חִזְקִיָהוּ אַז עֶר וֶועט אֵייךְ
אִיבֶּערְרֶעדֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גָאט וֶועט
אוּנְס מַצִיל זַיין׃
33 הָאבֶּען דֶען דִיא גֶעטֶער פוּן דִיא
פֶעלְקֶער מַצִיל גֶעוֶועזֶען, אִיטְלִיכֶען
זַיין לַאנְד פוּן דִיא הַאנְד פוּן דֶעם
קֶענִיג פוּן אַשׁוּר?
34 ווְאוּ זֶענֶען דִיא גֶעטֶער פוּן חֲמָת
אוּנְד אַרְפָּד? ווְאוּ זֶענֶען דִיא גֶעטֶער
פוּן סְפַרְוַיִם, הֵנַע אוּנְד עִוָה? הָאבֶּען
זֵייא דֶען מַצִיל גֶעוֶועזֶען שֹׁמְרוֹן פוּן
מֵיינֶע הַאנְד?
35 וֶוער אִיז אוּנְטֶער אַלֶע גֶעטֶער
פוּן דִיא לֶענְדֶער, וָואס זֵייא הָאבֶּען
מַצִיל גֶעוֶועזֶען זֵייעֶר לַאנְד פוּן מֵיינֶע
הַאנְד? דָאס דֶער הַאר זָאל מַצִיל זַיין
יְרוּשָׁלַיִם פוּן מֵיינֶע הַאנְד׃
36 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעשְׁווִיגֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם קֵיין וָוארְט
נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט, וָוארִין דָאס הָאט
דֶער קֶענִיג גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
אִיהְר זָאלְט אִיהְם נִיט עֶנְטְפֶערֶען׃
37 אוּנְד אֶלְיָקִים דֶער זוּהְן פוּן חִלְקִיָהוּ
וָואס אִיז אִיבֶּער דֶעם הוֹיז, אוּנְד
שֶׁבְנָה דֶער שְׁרֵייבֶּער, אוּנְד יוֹאָח דֶער
זוּהְן פוּן אָסָף דֶער קַאנְצְלֶער, זֶענֶען
גֶעקוּמֶען צוּ חִזְקִיָהוּ, מִיט צוּרִיסֶענֶע
קְלֵיידֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
זָאגְט דִיא וֶוערְטֶער פוּן רַבְשָׁקֵה׃

## קאפיטעל יט

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען חִזְקִיָהוּ
הָאט דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר
צוּרִיסֶען זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר הָאט
זִיךְ בֶּעדֶעקְט מִיט אֵיין זַאק, אוּנְד עֶר
אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן גָאט׃
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט אֶלְיָקִים
וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דֶעם הוֹיז,
אוּנְד שֶׁבְנָה דֶעם שְׁרֵייבֶּער אוּנְד דִיא
עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים, בֶּעדֶעקְט מִיט זֶעק, צוּ
דֶעם נָבִיא יְשַׁעְיָהוּ דֶעם זוּהְן פוּן אָמוֹץ׃
3 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט חִזְקִיָהוּ, אֵיין טָאג
פוּן נוֹיטְה, אוּנְד לֶעסְטֶערוּנְג אוּנְד
דֶערְצָארְנוּנְג אִיז דֶער דָאזִיגֶער טָאג,
וָוארִין דִיא קִינְדֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז
צוּ דֶעם גֶעבּוּירְשְׁטוּל, אוּנְד קֵיין קְרַאפְט
אִיז נִיט דָא צוּ גֶעווִינֶען׃
4 טָאמֶער וֶועט דֶער הַאר דַיין גָאט
הֶערֶען אַלֶע דִיא רֵייד פוּן רַבְשָׁקֵה
וָואס דֶער קֶענִיג פוּן אַשׁוּר זַיין הַאר
הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט, צוּ לֶעסְטֶערֶען
דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעלֶעסְטֶערְט מִיט וֶוערְטֶער, וָואס דֶער
הַאר דַיין גָאט הָאט גֶעהֶערְט, אַזוֹי
זָאלְסְט דוּא אוֹיפְהֵייבֶּען אֵיין גֶעבֶּעט
וֶועגֶען דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע, וָואס
עֶס וֶועט נָאךְ גֶעפוּנֶען וֶוערֶען׃
5 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם קֶענִיג
חִזְקִיָהוּ זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ יְשַׁעְיָהוּ׃
6 אוּנְד יְשַׁעְיָהוּ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אַזוֹי זָאלְט אִיהְר זָאגֶען צוּ אֵייעֶר הַאר,
אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, דוּא
זָאלְסְט דִיךְ נִיט פָארְכְטֶען פַאר דִיא
וֶוערְטֶער וָואס דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט,
וָואס דִיא יוּנְגֶען פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן
אַשׁוּר הָאבֶּען מִיךְ גֶעלֶעסְטֶערְט׃

7 זֶעה, אִיךְ וֶועל אִיהְם גֶעבֶּען אַיין
גֵייסְט אוּנְד עֶר וֶועט אַיין נַאכְרִיכְט
הֶערֶען, אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ צוּרִיקְ־
קֶעהְרֶען צוּ זַיין לַאנְד, אוּנְד אִיךְ וֶועל
אִיהְם לָאזֶען פַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד
אִין זַיין לַאנְד:
8 אוּנְד וֶוען רַבְשָׁקֵה הָאט זִיךְ צוּרִיקְ־
גֶעקֶעהְרְט, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעפוּנֶען דֶעם
קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר מִלְחָמָה הַאלְטֶען קֶעגֶען
לִבְנָה, וָוארִין עֶר הָאט גֶעהֶערְט דָאס
עֶר הָאט זִיךְ אָפְּגֶעצוֹיגֶען פוּן לָכִישׁ:
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֶערְט אוֹיף
תִּרְהָקָה דֶעם קֶענִיג פוּן כּוּשׁ, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, זֶעה, עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט דִיר; אַזוֹי
הָאט עֶר זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ חִזְקִיָהוּ,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
10 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר זָאגֶען צוּ חִזְקִיָהוּ
דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
לָאז דִיךְ דַיין גָאט נִיט אִיבֶּערְרֶעדֶען,
וָואס דוּא פֶערְזִיכֶערְסְט דִיךְ אוֹיף אִיהְם,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, יְרוּשָׁלַיִם וֶועט נִיט
גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין דִיא הַאנְד פוּן
דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר:
11 זֶעה, דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט וָואס
דִיא קֶענִיגֶע פוּן אַשּׁוּר הָאבֶּען גֶעטְהוּן
צוּ אַלֶע לֶענְדֶער זַייא צוּ פֶערְווִיסְטֶען,
אוּנְד זָאלְסְט דוּא נִצּוֹל וֶוערֶען?
12 הָאבֶּען זַייא דֶען מַצִּיל גֶעוֶועזֶען,
דִיא גֶעטֶער פוּן דִיא פֶעלְקֶער וָואס
מַיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען זַייא פֶערְ־
דָארְבֶּען? גוֹזָן אוּנְד חָרָן, אוּנְד רֶצֶף,
אוּנְד בְּנֵי־עֶדֶן, וָואס אִיז אִין תְּלַאשָּׂר?
13 וְואוּ אִיז דֶער קֶענִיג פוּן חֲמָת,
אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַרְפָּד, אוּנְד דֶער
קֶענִיג פוּן דִיא שְׁטֶעט סְפַרְוָיִם, הֵנַע
אוּנְד עִוָּה?
14 אוּנְד חִזְקִיָהוּ הָאט גֶענוּמֶען דִיא
בְּרִיף פוּן דִיא הַאנְד פוּן דִיא שְׁלוּחִים
אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעלֶעזֶען, אוּנְד עֶר
אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם הויז פוּן
דֶעם הַאר, אוּנְד חִזְקִיָהוּ הָאט זַייא (דִיא
בְּרִיף) פֶערְשְׁפְּרֵייט פַאר דֶעם הַאר:
15 אוּנְד חִזְקִיָהוּ הָאט גֶעבֶּעטֶען פַאר
דֶעם אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הַאר גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל,
וָואס זִיצְט אִיבֶּער דִיא כְּרוּבִים, דוּא
אַלֵיין בִּיסְט גָאט אוּנְטֶער אַלֶע קֶענִיגְ־
רֵייכֶען פוּן דֶער עֶרְד, דוּא הָאסְט
גֶעמַאכְט דֶעם הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד:
16 נֵייג דַיין אוֹיעֶר, אָ הַאר, אוּנְד הֶער
צוּ, עֶפֶען דַיינֶע אוֹיגֶען אָ הַאר אוּנְד
זֶעה, אוּנְד הֶער דִיא וֶוערְטֶער פוּן
סַנְחֵרִיב, וָואס עֶר הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט
צוּ לֶעסְטֶערֶען דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט!
17 עֶס אִיז וָואהְר, הַאר, דָאס דִיא
קֶענִיגֶע פוּן אַשּׁוּר הָאבֶּען וִויסְט גֶע־
מַאכְט דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵייעֶר
לַאנְד:
18 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען זֵייעֶרֶע
גֶעטֶער אִין דֶעם פֵייעֶר, וָוארִין זַייא
זֶענֶען קֵיינֶע גֶעטֶער נִיט גֶעוֶועזֶען,
נֵייעֶרְט דִיא וֶוערְק פוּן מֶענְשֶׁען־הֶענְד,
הָאלְצֶערְנֶע אוּנְד שְׁטֵיינֶערְנֶע, דַארוּם
הָאבֶּען זַייא זַייא פֶערְטִילִיגְט:
19 אוּנְד אַצוּנְד, אָ הַאר אוּנְזֶער גָאט,
הֶעלְף אוּנְס דָאךְ פוּן זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד
לָאזֶען אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶען פוּן דֶער עֶרְד
וִויסֶען, דָאס דוּא אַלֵיין אָ הַאר, בִּיזְט
אֵיין גָאט:
20 אוּנְד יְשַׁעְיָהוּ דֶער זוּהְן פוּן אָמוֹץ
הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ חִזְקִיָהוּ, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר,

דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, דָאס וָואס דוּא הָאסְט גֶעבֶּעטֶען צוּ מִיר וֶועגֶען סַנְחֵרִב דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר, הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט׃

21 דָאס אִיז דָאס וָוארְט, וָואס דֶער הַאר הָאט גֶערֶעט וֶועגֶען אִיהְם, זִיא פֶערְשֶׁעמְט דִיךְ, זִיא שְׁפֶּעט פוּן דִיר, דִיא יוּנְגפְרוֹי דִיא טָאכְטֶער פוּן צִיוֹן, זִיא שָׁאקֶעלְט הִינְטֶער דִיר מִיט דֶעם קָאפּ, דִיא טָאכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם׃

22 וֶועמֶען הָאסְט דוּא גֶעלֶעסְטֶערְט, אוּנְד אוֹיף וֶועמֶען הָאסְט דוּא אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אַיין קוֹל? אוּנְד דוּא הָאסְט דַיינֶע אוֹיגֶען דֶערְהוֹיבֶּען אִין דֶער הֵייךְ, אוֹיף דֶעם הֵיילִיגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל?

23 דוּרְךְ דַיינֶע שְׁלוּחִים הָאסְט דוּא גֶעלֶעסְטֶערְט דֶעם הַאר, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט, מִיט מֵיינֶע פִילֶע רֵייטְוָועגֶען, בִּין אִיךְ אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא הֵייךְ פוּן דִיא בֶּערְג, אוֹיף דִיא זַייטֶען פוּן לְבָנוֹן, אוּנְד אִיךְ וֶועל אָפּשְׁנַיידֶען זַיינֶע הוֹיכֶע צֶעדֶערְבֵּיימֶער, זַיינֶע בֶּעסְטֶע טֶענֶענבֵּיימֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל קוּמֶען אַן דֶעם עֶק פוּן זַיין גַאסְט־הוֹיז, אִין דֶעם וַואלְד כַּרְמֶל׃

24 אִיךְ הָאבּ גֶעגְרָאבֶּען אוּנְד אוֹיסְגֶעטְרוּנְקֶען דָאס פְרֶעמְדֶע וַואסֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל טְרִיקֶען מַאכֶען מִיט מֵיינֶע פוּסטְרִיט, אַלֶע טֵייכֶען פוּן דֶער פֶעסְטוּנְג׃

25 הָאסְט דוּא דֶען נִיט גֶעהֶערְט פוּן לַאנְג אָן, דָאס אִיךְ הָאבּ זַייא גֶעטְהוּן, פוּן פָארְצַייטִיגֶע יָאהְרֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא בֶּעשַׁאפֶען? אַצוּנְד הָאבּ אִיךְ עֶס גֶעבְּרַאכְט, אוּם צוּ פֶערְוִויסְטֶען דִיא פֶעסְטֶע שְׁטֶעט אַז זַייא זָאלֶען זַיין גְלֵייךְ וִויא הוֹיפֶען עֶרְד׃

26 אוּנְד זַיירֶע אֵיינְוואוֹינֶער זֶענֶען אָהְן קְרַאפְט, זַייא הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען אוּנְד זֶענֶען פֶערְשֶׁעמְט גֶעוָוארֶען, זַייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא גְרָאז פוּן דֶעם פֶעלְד, וִויא גְרִין גְרָאז, וִויא גְרָאז וָואס וַואכְּסְט אוֹיף דִיא דֶעכֶער, אוּנְד וִויא פֶערְדַארְטֶע זַאנְגֶען, אֵיידֶער עֶס וֶוערְט צֵייטִיג׃

27 אוּנְד דַיין זִיצֶען, אוּנְד דַיין אַרוֹיסְגֵיין אוּנְד דַיין אַרֵיינְקוּמֶען, ווייס אִיךְ, אוּנְד אוֹיךְ דַיין צָארְנֶען קֶעגֶען מִיר׃

28 ווייל דַיין צָארְנֶען קֶעגֶען מִיר, אוּנְד דַיין שְׁטָאלְץ אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין מֵיינֶע אוֹירֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ טְהוּן מַיין רִינְג אַן דַיינֶע נָאז, אוּנְד מַיין צוֹים אַן דַיינֶע לִיפֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען אִין דֶעם וֶועג וָואס דוּא בִּיסְט אוֹיף אִיהְם גֶעקוּמֶען׃

29 אוּנְד דָאס זָאל צוּ דִיר זַיין דֶער צֵייכֶען, דֶעם דָאזִיגֶען יָאהְר וֶועט אִיהְר עֶסֶען וִוידֶערְוַואכְסוּנְג, אוּנְד אִין דֶעם צְווייטֶען יָאהְר—ווִילְדֶע וַואכְסוּנְג, אוּנְד אִין דֶעם דְרִיטֶען יָאהְר, וֶועט אִיהְר זֵייעֶן אוּנְד שְׁנֵיידֶען, אוּנְד פְלַאנְצֶען וַויינְגֶערְטֶער, אוּנְד אוֹיךְ עֶסֶען זַיירֶע פְרוּכְט׃

30 אוּנְד דִיא עֶנְטְרוּנֶענֶע פוּן דֶעם הוֹיז פוּן יְהוּדָה, דִיא וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, וֶועלֶען פֶערְמֶעהְרֶען הִינְטֶער זִיךְ וָוארְצְלֶען, אוּנְד וֶועלֶען אִיבֶּער זִיךְ פְּרוּכְט טְרָאגֶען׃

31 וָוארִין פוּן יְרוּשָׁלַיִם וֶועט זַייא אַרוֹיסְגֵיין אִין אֵיין אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג, אוּנְד אֵיין עֶנְטְרִינוּנְג פוּן דֶעם בַּארְג צִיוֹן, דִיא קִנְאָה פוּן דֶעם הַאר צְבָאוֹת וֶועט עֶס טְהוּן׃

32 דַארוּם הָאט דֶער הַאר אַזוֹי גֶע־
זָאגְט אוֹיף דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּוּר, עֶר
וֶועט נִיט קוּמֶען אִין דִיא דָאזִיגֶע
שְׁטָאט אַרַיין, אוּנְד עֶר וֶועט דָארְטֶען
נִיט שִׁיסֶען קֵיין פַּייל, אוּנְד עֶר וֶועט
נִיט קוּמֶען קֶעגֶען אִיהְר מִיט אֵיין
שִׁילְד, אוּנְד עֶר וֶועט נִיט אוֹיפְשִׁיטֶען
אוֹיף אִיהְר אֵיין שַׁאנְץ (בַּארְג עֶרְד):
33 אִין דֶעם וֶועג וָואס עֶר אִיז גֶע־
קוּמֶען, אוֹיף אִיהְם וֶועט עֶר זִיךְ
צוּרִיקְקֶעהְרֶען, אוּנְד צוּ דֶער דָאזִיגֶער
שְׁטָאט וֶועט עֶר נִיט קוּמֶען, זָאגְט
דֶער הַאר:
34 אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעשִׁיצֶען דִיא
דָאזִיגֶע שְׁטָאט, אִיהְר צוּ הֶעלְפֶען, פוּן
מֵיינֶעטְוֶועגֶען, אוּנְד פוּן וֶועגֶען מֵיין
קְנֶעכְט דָוִד:
35 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין יֶענֶע
נַאכְט, אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַ מַלְאָךְ
פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען
אִים לַאגֶער פוּן אַשּוּר, הוּנְדֶערְט פִינְף
אוּנְד אַכְצִיג טוֹיזֶענְד (מַאן), אוּנְד אַלְס
זַייא (יְהוּדָה) זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין
דֶער פְרִיה, אוּנְד זֶעה, אַלֶע וַוארֶען
טוֹיטֶע קֶערְפֶּער:
36 אוּנְד עֶר הָאט גֶעצוֹיגֶען אוּנְד אִיז
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד סַנְחֵרִיב דֶער
קֶענִיג פוּן אַשּוּר הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶערְט,
אוּנְד הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין נִינְוֵה:
37 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס עֶר
הָאט זִיךְ גֶעבּוּקְט אִין דֶעם הוֹיז פוּן
נִיסְרוֹךְ זַיין גָאט, הָאבֶּען אַדְרַמֶּלֶךְ
אוּנְד שַׂרְאֶצֶר זֵיינֶע זִיהְן אִיהְם גֶע־
שְׁלָאגֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְט, אוּנְד זַייא
זֶענֶען אֶנְטְרוּנֶען גֶעוָוארֶען נָאךְ דֶעם
לַאנְד אַרָרָט, אוּנְד זַיין זוּהְן אֵסַר־חַדּוֹן
הָאט רֶעגִירֶערְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם:

## קאפיטעל כ

1 אִין יֶענֶע טֶעג אִיז חִזְקִיָהוּ קְרַאנְק
גֶעוָוארֶען צוּ שְׁטַארְבֶּען, אַזוֹי אִיז צוּ
אִיהְם גֶעקוּמֶען יְשַׁעְיָהוּ דֶער זוּהְן פוּן
אָמוֹץ דֶער נָבִיא, אוּנְד עֶר הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר
גֶעזָאגְט, מַאךְ אַ צַוָואָה צוּ דַיין הוֹיז,
וָוארִין דוּא וֶועסְט שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דוּא
וֶועסְט נִיט לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען:
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעקֶעהְרְט זַיין
אָנְגֶעזִיכְט צוּ דֶער וַואנְד, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ דֶעם הַאר, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען:
3 אִיךְ בֶּעט דִיךְ הַאר, גֶעדֶענְק דָאךְ
דָאס אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען פַאר דִיר מִיט
אֶמֶת אוּנְד מִיט מֵיין גַאנְצֶען הַארְץ,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן וָואס אִיז גוּט
אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד חִזְקִיָהוּ הָאט
גֶעוויינְט אֵיין גְרוֹיס גֶעוויין:
4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, דָאס יְשַׁעְיָהוּ
אִיז נָאךְ נִיט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם
מִיטֶעלְסְטֶען הוֹיף, אַזוֹי אִיז דָאס וָוארְט
פוּן דֶעם הַאר צוּ אִיהְם גֶעוֶועזֶען,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
5 קֶעהְר דִיךְ צוּרִיק, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
זָאגֶען צוּ חִזְקִיָהוּ דֶעם הַאר אִיבֶּער מֵיין
פָאלְק, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר,
דֶער גָאט פוּן דֵיין פָאטֶער דָוִד, אִיךְ
הָאבּ גֶעהֶערְט דֵיין גֶעבֶּעט, אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען דֵיינֶע טְרֶערֶען, זֶעה, אִיךְ וֶועל
דִיךְ הֵיילֶען, אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג
וֶועסְט דוּא אַרוֹיפְגֵיין אִין דֶעם הוֹיז
פוּן דֶעם הַאר:
6 אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְמֶעהְרֶען אוֹיף
דֵיינֶע טֶעג פוּפְצֶעהְן יָאהְר, אוּנְד פוּן
דֶער הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּוּר
וֶועל אִיךְ דִיךְ רֶעטֶען, אוּנְד אוֹיךְ דִיא

דָאזִיגֶע שְׁטָאט, אוּנְד אִיךְ װָעל בֶּעשִׁי־
צֶען דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט פוּן מֵיינֶעטְ־
װֶעגֶען אוּנְד פוּן װֶעגֶען מֵיין קְנֶעכְט
דָוִד׃
7 אוּנְד יְשַׁעְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט, גֶעמְט
אַ קוּכֶען פוּן פֵייגֶען, אוּנְד װֶען זֵייא
הָאבֶּען עֶס גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען עֶס
גֶעלֵייגְט אוֹיף זֵיינֶע קְרֶעטְץ, אוּנְד עֶר
אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען׃
8 אוּנְד חִזְקִיָּהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
יְשַׁעְיָהוּ, וָואס אִיז דָאס צֵייכֶען דָאס
דֶער הַאר װֶעט מִיךְ הֵיילֶען, אוּנְד אַז
אִיךְ װֶעל אַרוֹיפְגֵיין אִין דֶעם דְרִיטֶען
טָאג צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר?
9 אוּנְד יְשַׁעְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט, דָאס
אִיז דִיר דָאס צֵייכֶען פוּן דֶעם הַאר,
דָאס דֶער הַאר װֶעט טְהוּן דִיא זַאךְ
וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט, זָאל דֶער
שָׁאטֶען אַרָאפְגֵיין צֶעהְן שְׁטַאפֶּעלְן, אָדֶער
זָאל עֶר זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צֶעהְן
שְׁטַאפֶּעלְן?
10 אוּנְד חִזְקִיָּהוּ הָאט גֶעזָאגְט, עֶס
אִיז גְרִינְגֶער פַאר דֶעם שָׁאטֶען זִיךְ אָפְּצוּ־
נֵייגֶען צֶעהְן שְׁטַאפֶּעלְן, נֵיין, נֵייעֶרְט
לָאז זִיךְ דֶער שָׁאטֶען צוּרִיקְקֶעהְרֶען
אַרוּנְטֶער צֶעהְן שְׁטַאפֶּעלְן׃
11 אוּנְד דֶער נָבִיא יְשַׁעְיָהוּ הָאט
גֶערוּפֶען צוּ דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט דֶעם שָׁאטֶען, וָואס
אִיז אַרָאפְּגֶענִידֶערְט אוֹיף דֶעם זוּנְצֵייגֶער
פוּן אָחָז, אַרוּנְטֶער צֶעהְן שְׁטַאפֶּעלְן׃
12 אִין יֶענֶער צֵייט הָאט בְּרוֹאדַךְ
בַּלְאַדָן, דֶער זוּהְן פוּן בַּלְאַדָן דֶער
קֶענִיג פוּן בָּבֶל גֶעשִׁיקְט בְּרִיף אוּנְד
אַ מַתָּנָה צוּ חִזְקִיָּהוּ, וָוארִין עֶר הָאט
גֶעהֶערְט אַז חִזְקִיָּהוּ אִיז קְרַאנְק גֶע־
וָוארֶען׃
13 אוּנְד חִזְקִיָּהוּ הָאט זֵייא אָנְגֶעהֶערְט
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעוִויזֶען דָאס
גַאנְצֶע שַׁאטְצְהוֹיז, דָאס זִילְבֶּער אוּנְד
דָאס גָאלְד, אוּנְד דָאס גֶעוִוירְץ, אוּנְד
דֶעם גוּטֶען אֵייל, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע
הוֹיז פוּן זֵיינֶע גֶעפֶּעס, אוּנְד אַלֶעס
וָואס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין זֵיינֶע
אוֹצְרוֹת, עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אֵיין
זַאךְ, וָואס חִזְקִיָּהוּ הָאט זֵייא נִיט גֶע־
וִויזֶען אִין זֵיין הוֹיז, אוּנְד אִין זֵיינֶע
גַאנְצֶע הֶערְשַׁאפְט׃
14 אוּנְד דֶער נָבִיא יְשַׁעְיָהוּ אִיז גֶע־
קוּמֶען צוּ דֶעם קֶענִיג חִזְקִיָּהוּ, אוּנְד
עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס הָאבֶּען
דִיר דִיא דָאזִיגֶע מֶענְשֶׁען גֶעזָאגְט,
אוּנְד פוּן וַואנֶען זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען
צוּ דִיר? אוּנְד חִזְקִיָּהוּ הָאט גֶעזָאגְט,
זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן אֵיין װֵייטֶעס
לַאנְד, פוּן בָּבֶל׃
15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס
הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעהֶען אִין דֵיין הוֹיז?
אוּנְד חִזְקִיָּהוּ הָאט גֶעזָאגְט, אַלֶעס וָואס
אִיז אִין מֵיין הוֹיז הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעהֶען,
עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אֵיין זַאךְ, וָואס
אִיךְ הָאבּ זֵייא נִיט גֶעוִויזֶען אִין מֵיינֶע
אוֹצְרוֹת׃
16 אוּנְד יְשַׁעְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
חִזְקִיָּהוּ, הֶער דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר׃
17 זֶעה, עֶס װֶעלֶען קוּמֶען טֶעג,
אוּנְד אַלֶעס וָואס אִין דֵיין הוֹיז אוּנְד
וָואס דֵיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען פֶערְ־
זַאמֶעלְט, בִּיז צוּ דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג,
װֶעט אַװֶעקְגֶעטְרָאגֶען װֶערֶען נָאךְ בָּבֶל,
עֶס װֶעט נִיט אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען אֵיין זַאךְ,
הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט׃
18 אוּנְד פוּן דֵיינֶע קִינְדֶער וָואס

וָועלֶען אַרויסְגֵיין פוּן דִיר, וָואס דוּא וֶועסְט גֶעווינֶען, וֶועלֶען גֶענוּמֶען וֶוערֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין הויפּ־דִינֶער אִין דֶעם פַּאלַאץ פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל:

19 אוּנְד חִזְקִיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְשַׁעְיָהוּ, עֶס אִיז גוּט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר וָואס דוּא הָאסְט גֶערֶעט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לָאז דָאךְ נָאר זֵיין פְרִידֶען אוּנְד וָוארְהֵייט אִין מֵיינֶע צֵייטֶען:

20 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן חִזְקִיָהוּ, אוּנְד זֵיינֶע גַאנְצֶע שְׁטַארְקֵייט, אוּנְד וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט דֶעם טֵייךְ אוּנְד דֶעם גְרָאבֶען, אוּנְד עֶר הָאט אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט דָאס וַואסֶער אִין דִיא שְׁטָאט, וֶוענֶען זֵייא נִיט פֶערְשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דִבְרֵי הַיָמִים צוּ דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה?

21 אוּנְד חִזְקִיָהוּ הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט זֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד זֵיין זוּהְן מְנַשֶּׁה הָאט רֶעגִירֶערְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם:

קאפיטעל כא

1 צְוֶועלְף יָאהְר אִיז מְנַשֶּׁה אַלְט גֶעוֶועזֶען, אַלְס עֶר אִיז גֶעוָוארֶען קֶענִיג, אוּנְד צְוֵוייא אוּנְד פִינְפְצִיג יָאהְר הָאט עֶר רֶעגִירֶערְט אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זֵיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען חֶפְצִי־בָה:

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן וָואס שְׁלֶעכְט אִיז אִין דִיא אויגֶען פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי וִויא דִיא אוּנְוִוירְדִיגְקֵייט פוּן דִיא פֶעלְקֶער, וָואס דֶער הַאר הָאט פַארְטְרִיבֶּען פַאר דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל:

3 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּויט דִיא בָּמוֹת וָואס זֵיין פָאטֶער חִזְקִיָהוּ הָאט פַארְנִיכְטֶעט, אוּנְד עֶר הָאט אויפְגֶעשְׁטֶעלְט מִזְבְּחוֹת צוּ דֶעם בַּעַל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַ לִינְדֶענְבּוים, אַזוֹי וִויא אַחְאָב דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעטְהוּן, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ דֶער גַאנְצֶער הֶערְשַׁאפְט וָואס אִיז אִין דֶעם הִימֶעל, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעדִינְט:

4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּויט מִזְבְּחוֹת אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר, וָואס דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, אִין יְרוּשָׁלַיִם וֶועל אִיךְ מֵיין נָאמֶען טְהוּן:

5 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּויט מִזְבְּחוֹת צוּ אַלֶע הֶערְשַׁאפְטֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אִין בֵּיידֶע הויפֶען וָואס אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר:

6 אוּנְד עֶר הָאט זֵיין זוּהְן גֶעפִיהְרְט דוּרְךְ פֵייעֶר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעצויבֶּערְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט טויטֶענְבֶּעשְׁוֶוערֶער, אוּנְד צֵייכֶענְדֵייטֶער, עֶר הָאט גֶעמֶעהְרְט צוּ טְהוּן וָואס שְׁלֶעכְט אִיז אִין דִיא אויגֶען פוּן דֶעם הַאר, אִיהְם צוּ דֶערְצָארְנֶען:

7 אוּנְד עֶר הָאט אויפְגֶעשְׁטֶעלְט דָאס גֶעצֶענְבִּילְד פוּן דֶעם לִינְדֶענְבּוים, וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט, אִין דֶעם הויז וָואס דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד אוּנְד צוּ זֵיין קְנֶעכְט שְׁלמה, אִין דֶעם דָאזִיגֶען הויז אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם, וָואס אִיךְ הָאבּ אויסְדֶערְוֵויילְט מֶעהְר פוּן אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל, וֶועל אִיךְ מֵיין נָאמֶען טְהוּן אויף אֵייבִּיג:

8 אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט מֶעהְרֶען צוּ פֶערְוָואגֶעלְן אֵיין פוּס פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּן דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערֶען, נָאר, וֶוען זֵייא וֶועלֶען הִיטֶען צוּ טְהוּן וִויא אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעבָּאטֶען, אוּנְד

נאָךְ דֶער גאַנְצֶער תּוֹרָה, וָואס מֵיין
קְנֶעכְט משֶׁה הָאט זֵייא גֶעבָּאטֶען :
9 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהָארְכְט,
אוּנְד מְנַשֶּׁה הָאט זֵייא פַארְפִיהְרְט צוּ
טְהוּן דָאס שְׁלֶעכְטֶע פוּן דִיא פֶעלְקֶער,
וָואס דֶער הַאר הָאט פַארְטִילִיגְט פַאר
דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל :
10 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶערֶעט
דוּרְךְ זֵיינֶע קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען :
11 וֵוייל מְנַשֶּׁה דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה
הָאט גֶעטְהוּן דִיא דָאזִיגֶע אוּמְווירְדִיגְקֵייט,
עֶר הָאט מֶעהְר שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן פוּן
אַלֶעם וָואס דִיא אֶמוֹרִיִים וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען פַאר אִיהְם הָאבֶּען גֶעטְהוּן,
אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעמַאכְט יְהוּדָה
זִינְדִיגֶען מִיט זֵיינֶע גֶעצֶענְבִּילְדֶער :
12 דָארוּם הָאט דֶער הַאר דֶער גָאט
פוּן יִשְׂרָאֵל אַזוֹי גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ
בְּרֶענְג שְׁלֶעכְטֶעס אוֹיף יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד
יְהוּדָה, וֶועלְכֶע עֶס וֶועלֶען דָאס הֶערֶען,
וֶועלֶען קְלִינְגֶען אִין זֵיינֶע בֵּיידֶע
אוֹירֶען :
13 אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְצִיהֶען אוֹיף
יְרוּשָׁלַיִם דִיא שְׁנוּר פוּן שֹׁמְרוֹן, אוּנְד
דִיא גֶעוִויכְט־שְׁנוּר פוּן דֶעם הוֹיז פוּן
אַחְאָב, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיסְווִישֶׁען
יְרוּשָׁלַיִם ווִיא מֶען ווִישְׁט אוֹיס אֵיין
שִׁיסֶעל, אוֹיסְגֶעווִישְׁט אוּנְד אִיבֶּערְגֶע־
קֶעהְרְט אוֹיף אִיהְר אָנְגֶעזִיכְט :
14 אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְלָאזֶען דָאס
אִיבְּרִיגֶע פוּן מֵיין עֶרְבְּטֵייל, אוּנְד אִיךְ
וֶועל זֵייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד
פוּן זֵייעֶרֶע פֵיינְד, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין
אַלְס רוֹיבּ צוּ אַלֶע זֵייעֶרֶע פֵיינְד :
15 וֵוייל זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן דָאס
וָואס שְׁלֶעכְט אִיז אִין מֵיינֶע אוֹיגֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מִיךְ דֶערְצָארֶענְט, פוּן
דֶעם טָאג וָואס זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם
הֵיינְטִיגֶען טָאג :
16 אוּנְד אוֹיךְ אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס בְּלוּט
הָאט מְנַשֶּׁה זֶעהְר פִיל פֶערְגָאסֶען, בִּיז
עֶר הָאט פוּל גֶעמַאכְט יְרוּשָׁלַיִם פוּן
בְּרֶעג צוּ בְּרֶעג, חוּץ פוּן זֵיינֶע זִינְד
דַאמִיט וָואס עֶר הָאט יְהוּדָה גֶעמַאכְט
זִינְדִיגֶען, צוּ טְהוּן דָאס שְׁלֶעכְטֶע
אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר :
17 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
מְנַשֶּׁה, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶע־
טְהוּן, אוּנְד דִיא זִינְד וָואס עֶר הָאט
גֶעזִינְדִיגְט, זֶענֶען זֵייא נִיט פֶערְשְׁרִיבֶּען
אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דִבְרֵי הַיָּמִים צוּ דִיא
קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה ?
18 אוּנְד מְנַשֶּׁה הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט
מִיט זֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד עֶר אִיז בֶּע־
גְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם גָארְטֶען פוּן
זֵיין הוֹיז, אִין דֶעם גָארְטֶען עֻזָּא, אוּנְד
זֵיין זוּהְן אָמוֹן הָאט רֶעגִירֶט אַנְשְׁטָאט
אִיהְם :
19 אֵיין אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר אִיז
אָמוֹן אַלְט גֶעוֶועזֶען אַלְס עֶר אִיז גֶע־
וָוארֶען קֶענִיג, אוּנְד צְווֵייא יָאהְר הָאט
עֶר רֶעגִירֶט אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער
נָאמֶען פוּן זֵיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען
מְשֻׁלֶּמֶת, דִיא טָאכְטֶער פוּן חָרוּץ פוּן
יָטְבָה :
20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן וָואס
שְׁלֶעכְט אִיז אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם
הַאר, אַזוֹי ווִיא זֵיין פָאטֶער מְנַשֶּׁה
הָאט גֶעטְהוּן :
21 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין אַלֶע
וֶועגֶען וָואס זֵיין פָאטֶער אִיז גֶעגַאנְגֶען
אוּנְד עֶר הָאט גֶעדִינְט דִיא גֶעצֶענְבִּילְדֶער

וָואס זַיין פָאטֶער הָאט גֶעדִינְט, אוּנְד
עֶר הָאט זִיךְ צוּ זַייא גֶעבּוּקְט:
22 אוּנְד עֶר הָאט דֶעם הַאר דֶעם
גָאט פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערְן פֶערְלָאזֶען,
אוּנְד עֶר אִיז נִיט גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם
וֶועג פוּן דֶעם הַאר:
23 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן אָמוֹן הָאבֶּען
אוֹיף אִיהְם גֶעמַאכְט אַ בּוּנְד, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען גֶעטֶייט דֶעם קֶענִיג אִין
זַיין הוֹיז:
24 אוּנְד דָאס פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד
הָאט גֶעשְׁלָאגֶען אַלֶע דִיא וָואס הָא־
בֶּען גֶעמַאכְט דֶעם בּוּנְד אוֹיף דֶעם
קֶענִיג אָמוֹן, אוּנְד דָאס פָאלְק פוּן
דֶעם לַאנְד הָאט גֶעמַאכְט קֶענִיגֶען זַיין
זוּהְן יֹאשִׁיָהוּ אַנְשְׁטָאט אִיהְם:
25 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
אָמוֹן, וֶוענֶען זַייא נִיט פֶערְשְׁרִיבֶּען אִין
דֶעם בּוּךְ פוּן דִבְרֵי הַיָמִים צוּ דִיא
קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה?
26 אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין
זַיין קֶבֶר אִין דֶעם גָארְטֶען פוּן עֻזָא,
אוּנְד זַיין זוּהְן יֹאשִׁיָהוּ הָאט רֶעגִיעֶרְט
אַנְשְׁטָאט אִיהְם:

## קאפיטעל כב

1 אַכְט יָאהְר אִיז יֹאשִׁיָהוּ אַלְט גֶע־
וֶועזֶען אַלְס עֶר אִיז גֶעוָוארֶען קֶענִיג,
אוּנְד אֵיין אוּנְד דְרַייסִיג יָאהְר הָאט
עֶר רֶעגִיעֶרְט אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער
נָאמֶען פוּן זַיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען
יְדִידָה דִיא טָאכְטֶער פוּן עֲדָיָה, אוֹיס
בָּצְקַת:
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דִיא רֶעכְט־
פַארְטִיגְקֵייט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם
הַאר, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין אַלֶע
וֶועגֶען פוּן זַיין פָאטֶער דָוִד, אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט רֶעכְטְס
אָדֶער לִינְקְס:
3 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
אַכְטְצֶעהְנְטֶען יָאהְר פוּן דֶעם קֶענִיג
יֹאשִׁיָהוּ, הָאט דֶער קֶענִיג גֶעשִׁיקְט
שָׁפָן, דֶעם זוּהְן פוּן אֲצַלְיָהוּ, דֶעם זוּהְן
פוּן מְשֻׁלָם דֶעם שְׁרֵייבֶּער אִין דֶעם
הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
4 גֶייא אַרוֹיף צוּ חִלְקִיָהוּ דֶעם כֹּהֵן
גָדוֹל, אוּנְד עֶר זָאל צוּזַאמֶענְצֵיילֶען
דָאס גֶעלְד וָואס אִיז אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין
דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, וָואס דִיא
טְהִיר הִיטֶער הָאבֶּען פֶערְזַאמֶעלְט פוּן
דֶעם פָאלְק:
5 אוּנְד זַייא זָאלֶען עֶס גֶעבֶּען אִין
דִיא הַאנְד פוּן דִיא אַרְבֵּייטֶער, אַס
וֶוענֶען בֶּעשְׁטֶעלְט אִין דֶעם הוֹיז פוּן
דֶעם הַאר, אוּנְד זַייא זָאלֶען עֶס גֶע־
בֶּען צוּ דִיא אַרְבֵּייטֶער וָואס וֶוענֶען אִין
דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּם צוּ
בֶּעפֶעסְטִיגֶען דִיא שְׁפַּאלְטֶען פוּן דֶעם
הוֹיז:
6 צוּ דִיא צִימֶערְלֵייט, צוּ דִיא בּוֹיעֶר,
אוּנְד צוּ דִיא מוֹיעֶרֶער, אוּנְד צוּ קוֹיפֶען
הָאלְץ אוּנְד גֶעהַאקְטֶע שְׁטֵיינֶער, צוּ
בֶּעפֶעסְטִיגֶען דָאס הוֹיז:
7 אָבֶּער מֶען זָאל זִיךְ מִיט זַייא נִיט
רֶעכֶענֶען וֶועגֶען דֶעם גֶעלְט וָואס
וֶוערְט גֶעגֶעבֶּען אִין זַיירֶע הַאנְד, וָוארִין
זַייא טְהוּעֶן עֶס מִיט טְרֵייהֵייט:
8 אוּנְד חִלְקִיָהוּ דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט
גֶעזָאגְט צוּ שָׁפָן דֶעם שְׁרֵייבֶּער, אִיךְ
הָאבּ גֶעפוּנֶען אֵיין סֵפֶר תּוֹרָה אִין
דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד חִלְקִיָה
הָאט גֶעגֶעבֶּען דָאס סֵפֶר צוּ שָׁפָן,
אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעלֵייעֶנְט:
9 אוּנְד דֶער שְׁרֵייבֶּער שָׁפָן אִיז גֶע־
קוֹמֶען צוּ דֶעם קֶענִיג, אוּנְד עֶר הָאט

גֶעבְּרַאכְט דֶעם קֶענִיג אֵיין אַנְטְוָוארְט,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֵיינֶע קְנֶעכְט
הָאבֶּען צוּשְׁמָאלְצֶען דָאס זִילְבֶּער וָואס
אִיז גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם הויז, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעגֶעבֶּען אִין דִיא
הַאנְד פוּן דִיא אַרְבֵּייטֶער וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אָ גֶעשְׁטֶעלְט אִין דֶעם הויז
פוּן דֶעם הַאר׃
10 אוּנְד דֶער שְׁרֵייבֶּער שָׁפָן הָאט
אויךְ דֶערְצֵיילְט צוּ דֶעם קֶענִיג, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, דֶער כֹּהֵן חִלְקִיָהוּ הָאט מִיר
גֶעגֶעבֶּען אַ סֵפֶר, אוּנְד שָׁפָן הָאט
עֶס גֶעלֵייעֶנְט פַאר דֶעם קֶענִיג׃
11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס דֶער
קֶענִיג הָאט גֶעהֶערְט דִיא וֶוערְטֶער פוּן
דֶעם סֵפֶר תּוֹרָה, הָאט עֶר צוּרִיסֶען
זֵיינֶע קְלֵיידֶער׃
12 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעבָּאטֶען
דֶעם כֹּהֵן חִלְקִיָהוּ, אוּנְד אַחִיקָם דֶעם
זוּהְן פוּן שָׁפָן, אוּנְד עַכְבּוֹר דֶעם זוּהְן
פוּן מִיכָיָה אוּנְד שָׁפָן דֶעם שְׁרֵייבֶּער,
אוּנְד עֲשָׂיָה דֶעם קְנֶעכְט פוּן דֶעם
קֶענִיג, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
13 גֵייט פָארְשְׁט פוּן דֶעם הַאר וֶועגֶען
מִיר, אוּנְד וֶועגֶען דֶעם פָאלְק אוּנְד
וֶועגֶען גַאנְץ יְהוּדָה, אִיבֶּער דִיא רֵייד
פוּן דֶעם דָאזִיגֶען סֵפֶר וָואס עֶר אִיז
גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען, וָוארִין דֶער צָארֶען
פוּן דֶעם הַאר אִיז גְרוֹיס וָואס בְּרֶענְט
אִיבֶּער אוּנְס, וַוייל אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן
הָאבֶּען נִיט גֶעהָארְכְט צוּ דִיא רֵייד
פוּן דֶעם דָאזִיגֶען סֵפֶר צוּ טְהוּן וָואס
עֶס אִיז דַארִין גֶעשְׁרִיבֶּען׃
14 אוּנְד חִלְקִיָהוּ דֶער כֹּהֵן אִיז גֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד אויךְ אַחִיקָם, אוּנְד עַכְבּוֹר
אוּנְד עֲשָׂיָה, צוּ דִיא נְבִיאָה חֻלְדָה
דָאס וַוייבּ פוּן שַׁלֻּם דֶעם זוּהְן פוּן
תִּקְוָה דֶעם זוּהְן פוּן חַרְחַס דֶעם הִיטֶער
פוּן דִיא קְלֵיידֶער, אוּנְד זִיא הָאט גֶע־
וְואוֹינְט אִין יְרוּשָׁלַיִם אִין דֶעם אַנְדֶערְן
טְהֵייל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְר
גֶערֶעט׃
15 אוּנְד זִיא הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אַזוֹי הָאט דֶער הַאר דֶער גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל גֶעזָאגְט, זָאגְט צוּ דֶעם מַאן
וָואס עֶר הָאט אֵייךְ גֶעשִׁיקְט צוּ מִיר׃
16 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט,
זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג שְׁלֶעכְטֶעס אויף דֶעם
דָאזִיגֶען אָרְט, אוּנְד אויף זֵיינֶע אֵיינְ־
וְואוֹינֶער, וַויא אַלֶע וֶוערְטֶער פוּן דֶעם
סֵפֶר וָואס דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה הָאט
גֶעלֵייעֶנְט׃
17 דֶערְפַאר וָואס זֵייא הָאבֶּען מִיךְ
פֶערְלָאזֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶע־
רֵייכֶערְט צוּ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, אוּם
מִיךְ צוּ דֶערְצֶערְנֶען מִיט דִיא אַלֶע
וֶוערְק פוּן זֵיירֶע הֶענְד, דָארוּם וֶועט
מֵיין צָארְן בְּרֶענֶען אִין דֶעם דָאזִיגֶען
אָרְט, אוּנְד עֶס וֶועט נִיט פַארְלָאשֶׁען
וֶוערֶען׃
18 אוּנְד צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה
וָואס עֶר הָאט אֵייךְ גֶעשִׁיקְט צוּ פָארְ־
שֶׁען פוּן דֶעם הַאר, זָאלְט אִיהְר אַזוֹי
זָאגֶען, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר דֶער גָאט
פוּן יִשְׂרָאֵל גֶעזָאגְט וֶועגֶען דִיא וֶוערְ־
טֶער וָואס דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט׃
19 וַוייל דֵיין הַארְץ אִיז וֵוייךְ גֶע־
וָוארֶען, אוּנְד דוּא בִּיזְט אוּנְטֶערְטֶענִיג
גֶעוָוארֶען פַאר דֶעם הַאר, אַלְס דוּא
הָאסְט גֶעהֶערְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶע־
רֶעט אִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, אוּנְד
אִיבֶּער זֵיינֶע אֵיינְוְואוֹינֶער, דָאס זֵייא
זָאלֶען זֵיין צוּ וִויסְט אוּנְד צוּ פְלוּךְ,
אוּנְד דוּא הָאסְט צוּרִיסֶען דֵיינֶע

קְלֵיידֶער, אוּנְד דוּא הָאסְט פַאר מִיר
גֶעוויינְט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ עֶס גֶעהֶערְט,
זָאגְט דֶער הַאר׃
20 דַארוּם זֶעה, אִיךְ וֶועל דִיךְ פֶערְ־
זַאמְלֶען צוּ דֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד דוּא
וֶועסְט מִיט פְרִידֶען פֶערְזַאמֶעלְט וֶוערֶען
צוּ דֵיין קֶבֶר, דָאס דֵיינֶע אוֹיגֶען
וֶועלֶען נִיט זֶעהֶען אַלֶעס דָאס שְׁלֶעכְטֶע
וָואס אִיךְ וֶועל בְּרֶענְגֶען אוֹיף דֶעם
דָאזִיגֶען אָרְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶע־
בְּרַאכְט דֶעם קֶענִיג אֵיין עֶנְטְפֶער׃

## קאפיטעל כג

1 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעשִׁיקְט,
אוּנְד עֶס הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם פֶערְ־
זַאמֶעלְט אַלֶע עֶלְטְסטֶע פוּן יְהוּדָה
אוּנְד פוּן יְרוּשָׁלַיִם׃
2 אוּנְד דֶער קֶענִיג אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד
אַלֶע מֶענֶער פוּן יְהוּדָה, אוּנְד אַלֶע
אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם מִיט אִיהְם,
אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים, אוּנְד דִיא נְבִיאִים
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק, פוּן דֶעם
קְלֶענְסְטֶען בִּיז צוּ דֶעם גְרֶעסְטֶען, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעלֶעזֶען פַאר זֵיירֶע אוֹירֶען,
אַלֶע דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם בּוּךְ פוּן
דֶעם בְּרִית, וָואס אִיז גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען
אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר׃
3 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט זִיךְ גֶע־
שְׁטֶעלְט אוֹיף דֶער זֵייל, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעמַאכְט אֵיין בְּרִית פַאר דֶעם הַאר,
נָאכְצוּגֵיין דֶעם הַאר, אוּנְד צוּ הִיטֶען
זֵיינֶע מִצְוֹת, אוּנְד זֵיינֶע צֵייגֶענִים, אוּנְד
זֵיינֶע גֶעזֶעץ, מִיט דֶעם גַאנְצֶען הַארְץ,
אוּנְד מִיט דִיא גַאנְצֶע זֶעלֶע, מְקַיֵים
צוּ זַיין דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם
דָאזִיגֶען בְּרִית, וָואס שְׁטֵייעֶן גֶעשְׁרִיבֶּען
אִין דֶעם דָאזִיגֶען בּוּךְ, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְטֶער
דֶעם בּוּנְד׃
4 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעבָּאטֶען
חִלְקִיָהוּ דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּנְד דִיא
כֹּהֲנִים פוּן דֶער צְווייטֶען אָרְדֶענוּנְג,
אוּנְד דִיא טְהִיר הִיטֶער, דָאס מֶען זָאל
אַרוֹיסְנֶעמֶען פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל פוּן
דֶעם הַאר, אַלֶע כֵּלִים וָואס זֶענֶען
גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם בַּעַל אוּנְד
צוּ דֶעם לֵינְדֶען־בּוֹים אוּנְד צוּ אַלֶע
הֶערְשַׁאפְט פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד עֶר
הָאט זַייא פֶערבְּרֶענְט אוֹיסֶעוֶוייניג פוּן
יְרוּשָׁלַיִם אִין דִיא פֶעלְדֶער פוּן קִדְרוֹן,
אוּנְד מֶען הָאט אַוֶועקְגֶעטְרָאגֶען זֵייעֶר
אַשׁ נָאךְ בֵּית־אֵל׃
5 אוּנְד עֶר הָאט פַארְטִילִיגְט דִיא
גֶעצֶען־כֹּהֲנִים, וָואס דִיא קֶענִיגֶע פוּן
יְהוּדָה הָאבֶּען גֶעמַאכְט, אוּנְד וָואס
זַייא הָאבֶּען גֶערֶעמְפְּפְט אוֹיף דִיא
בָּמוֹת אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה אוּנְד
אַרוּם יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אוֹיךְ דִיא וָואס
הָאבֶּען גֶערֶעמְפְּפְט צוּ דֶעם בַּעַל, צוּ
דִיא זוּן אוּנְד צוּ דִיא לְבָנָה אוּנְד צוּ
דִיא שְׁטֶערֶען, אוּנְד צוּ דִיא גַאנְצֶע
הֶערְשַׁאפְט פוּן דֶעם הִימֶעל׃
6 אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען דֶעם
לֵינְדֶען־בּוֹים פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר
אוֹיסֶעוֶוייניג פוּן יְרוּשָׁלַיִם צוּ דֶעם טְהָאל
קִדְרוֹן אוּנְד עֶר הָאט זַיא פֶערבְּרֶענְט
אִין דֶעם טְהָאל קִדְרוֹן, אוּנְד עֶר הָאט
זַיא צֶערְמַאלְט צוּ שְׁטוֹיבּ, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעוָוארְפֶען אִיהְר שְׁטוֹיבּ אוֹיף
דִיא קְבָרִים פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם
פָאלְק׃
7 אוּנְד עֶר הָאט צוּשְׁטוֹיסֶען דִיא
הוּרֶען־הֵייזֶער וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
בַּייא דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, וָואס

דִיא ווייבֶער הָאבֶּען דָארְטֶען גֶעוָועבְּט הֵייזֶער צוּ דֶעם לִינְדֶען־בּוֹים:

8 אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אַלֶע כֹּהֲנִים פוּן דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט פֶערְאוּנְרֵיינִיגְט דִיא בָּמוֹת, וָואס דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען דָארְטֶען גֶערֶעמְפְּפְט, פוּן גֶּבַע בִּיז בְּאֵר־שָׁבַע, אוּנְד עֶר הָאט צוּשְׁטוֹיסֶען דִיא בָּמוֹת וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דִיא טוֹיעֶרֶען, וָואס אִיז בֵּייא דֶעם אַרֵיינְגַאנְג פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן יְהוֹשֻׁעַ, דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶער שְׁטָאט, וָואס אִיז בֵּייא דֶער לִינְקֶער זֵייט פוּן דֶעם מֶענְשׁ וֶוען מֶען קוּמְט אַרֵיין אִין דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶער שְׁטָאט:

9 אָבֶער דִיא כֹּהֲנִים פוּן דִיא בָּמוֹת הָאבֶּען נִיט אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם הַאר אִין יְרוּשָׁלַיִם, גֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען מַצּוֹת צְוִוישֶׁען זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער:

10 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְאוּנְרֵיינִיגְט דֶעם תֹּפֶת וָואס אִיז אִין דֶעם טָהאל פוּן בְּנֵי־הִנּוֹם, דָאס קֵיין מֶענְשׁ זָאל נִיט דוּרְכְפִיהְרֶען זֵיין זוּהְן אָדֶער זֵיינֶע טָאכְטֶער דוּרְךְ פֵייעֶר צוּ דֶעם מוֹלֶךְ:

11 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְשְׁטֶערְט דִיא פֶערְד, וָואס דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶער זוּן, פוּן דֶעם אֵיינְגַאנְג אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, בֵּייא דֶער קַאמֶער פוּן נְתַן־מֶלֶךְ דֶער הוֹיפְּטבֶּעדִינְטֶער וָואס אִיז אִיבֶּער דִיא פָּארְשְׁטֶעט, אוּנְד דִיא וֶועגֶען פוּן דִיא זוּן, הָאט עֶר פַארְבְּרֶענְט אִין דֶעם פֵייעֶר:

12 אוּנְד דִיא מִזְבְּחוֹת וָואס וַוארֶען אוֹיף דֶעם דַאךְ פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְזַאל פוּן אָחָז, וָואס דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה הָאבֶּען גֶעמַאכְט, אוּנְד דִיא מִזְבְּחוֹת וָואס מְנַשֶּׁה הָאט גֶעמַאכְט אִין בֵּיידֶע הוֹיפֶען פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, הָאט דֶער קֶענִיג צוּשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פוּן דָארְט אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען, אוּנְד זֵייעֶר שְׁטוֹיב הָאט עֶר אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין דֶעם טֵייךְ קִדְרוֹן:

13 אוּנְד דִיא בָּמוֹת וָואס זֶענֶען פַאר יְרוּשָׁלַיִם, וָואס וַוארֶען צוּ דֶער רֶעכְטֶער זֵייט צוּ דֶעם בַּארְג מַשְׁחִית וָואס שְׁלֹמֹה דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעבּוֹיט צוּ עַשְׁתּוֹרֶת דֶעם אָפְּגָאט פוּן דִיא צִידוֹנִים אוּנְד צוּ כְּמוֹשׁ דֶעם אָפְּגָאט פוּן מוֹאָב, אוּנְד צוּ דֶעם מִלְכּוֹם דֶעם גֶעצֶענְבִּילְד פוּן דִיא בְּנֵי־עַמּוֹן, הָאט דֶער קֶענִיג פַארְאוּנְרֵיינִיגְט:

14 אוּנְד עֶר הָאט צוּבְּרָאכֶען דִיא מַצֵּבוֹת, אוּנְד עֶר הָאט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען דִיא לִינְדֶען בֵּיימֶער, אוּנְד עֶר הָאט פוּל גֶעמַאכְט זֵייעֶר אָרְט מִיט מֶענְשֶׁען־בֵּיינֶער:

15 אוּנְד אוֹיךְ דֶעם מִזְבֵּחַ וָואס אִיז אִין בֵּית־אֵל, דִיא בָּמָה וָואס יָרָבְעָם דֶער זוּהְן פוּן נְבָט הָאט גֶעמַאכְט, וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט זִינְדִיגֶען דִיא יִשְׂרָאֵל, אוֹיךְ יֶענֶעם מִזְבֵּחַ אוּנְד דִיא בָּמָה הָאט עֶר צוּשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד עֶר הָאט דִיא בָּמָה פַארְבְּרֶענְט, אוּנְד עֶר הָאט צוּמָאלֶען אוֹיף שְׁטוֹיב, אוּנְד עֶר הָאט פַארְבְּרֶענְט דֶעם לִינְדֶען בּוֹים:

16 אוּנְד וֶוען יוֹאשִׁיָּהוּ הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט, אוּנְד דֶערְזֶעהֶען דִיא קְבָרִים וָואס זֶענֶען דָארְטֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג, הָאט עֶר גֶענוּמֶען דִיא בֵּיינֶער פוּן דִיא קְבָרִים, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פַארְבְּרֶענְט אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם



פַארְאוּנְרֵיינִיגְט

פַּארְאוּנְרֵיינִיגְט, אַזוֹי וִויא דָאס וָוארְט
פוּן דֶעם הַאר, וָואס דֶער גֶעטְלִיכֶער
מַאן הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען, וָואס עֶר הָאט
דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער אוֹיסְגֶערוּפֶען׃
17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס אִיז
דָאס פַאר אַ צֵייכֶען, יֶענֶעם וָואס אִיךְ
זֶעה? אוּנְד דִיא אֵיינְוואוֹינֶער פוּן דֶער
שְׁטָאט הָאבֶען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דָאס
אִיז דָאס קֵבֶר פוּן דֶעם גֶעטְלִיכֶען
מַאן וָואס עֶר אִיז גֶעקוּמֶען פוּן יְהוּדָה,
אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען דִיא
דָאזִיגֶען רֵייד, וָואס דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן
אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ אִין בֵּית־אֵל׃
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לָאז
אִיהְם לִיגֶען, קֵיינֶער זָאל נִיט אָנְרִיהְרֶען
זֵיינֶע בֵּיינֶער; אַזוֹי הָאבֶען זֵיינֶע
בֵּיינֶער גֶערֶעטֶעט דִיא בֵּיינֶער פוּן דֶעם
נָבִיא וָואס אִיז גֶעקוּמֶען פוּן שֹׁמְרוֹן׃
19 אוּנְד אוֹיךְ אַלֶע הֵייזֶער פוּן דִיא בָּמוֹת
וָואס וַוארֶען אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן שֹׁמְרוֹן
וָואס דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶען
גֶעמַאכְט גָאט צוּ דֶערְצָארְנֶען, הָאט
יוֹאשִׁיָהוּ אָפְּגֶעטְהוּן, אוּנְד עֶר הָאט
מִיט זֵייא גֶעטְהוּן וִויא אַלֶע וֶוערְק וָואס
עֶר הָאט גֶעטְהוּן אִין בֵּית־אֵל׃
20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשָׁאכְטֶען אַלֶע
כֹּהֲנִים פוּן דִיא בָּמוֹת וָואס זֶענֶען
דָארְטֶען גֶעוֶועזֶען, אוֹיף דִיא מִזְבְּחוֹת,
אוּנְד עֶר הָאט אוֹיף זֵייא פֶערְבְּרֶענְט
דִיא מֶענְשֶׁען בֵּיינֶער, אוּנְד עֶר הָאט
זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם׃
21 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעבָּאטֶען
דֶעם גַאנְצֶען פָּאלְק, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
אִיהְר זָאלְט מַאכֶען פֶּסַח צוּ דֶעם הַאר
אֵייעֶר גָאט, וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען
אִין דֶעם דָאזִיגֶען בּוּךְ פוּן דֶעם בְּרִית׃
22 וָוארִין עֶס אִיז נִיט גֶעמַאכְט גֶע־
וָוארֶען וִויא דֶער דָאזִיגֶער פֶּסַח פוּן
דֶער צֵייט פוּן דִיא רִיכְטֶער, וָואס זֵייא
הָאבֶען גֶערִיכְטֶעט דִיא יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
אוֹיךְ נִיט אִין אַלֶע טֶעג פוּן דִיא קֶע־
נִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דִיא קֶענִיגֶע
פוּן יְהוּדָה׃
23 נֵייעֶרְט אִין דֶעם אַכְצֶעהְנְטֶען
יָאהְר פוּן דֶעם קֶענִיג יוֹאשִׁיָהוּ, אִיז
דֶער דָאזִיגֶער פֶּסַח גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען
צוּ דֶעם הַאר, אִין יְרוּשָׁלַיִם׃
24 אוֹיךְ דִיא טוֹיטֶענְבֶּעשְׁוֶוערֶער, אוּנְד
דִיא צֵייכֶענְדֵייטֶער, אוּנְד דִיא גֶעצֶען
אוּנְד אַלֶע אוּמְווירְדִיגְקֵייט, וָואס עֶס
זֶענֶען גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם
לַאנְד יְהוּדָה אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם, הָאט
יוֹאשִׁיָהוּ אוֹיסְגֶערוּימְט, כְּדֵי מְקַיֵים
צוּ זֵיין דִיא וֶוערְטֶער פוּן דִיא
תּוֹרָה, וָואס זֶענֶען גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם
בּוּךְ וָואס חִלְקִיָהוּ דֶער כֹּהֵן הָאט
גֶעפוּנֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר׃
25 אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען פַאר
אִיהְם אֵיין קֶענִיג אַזוֹי וִויא עֶר, וָואס
הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ דֶעם הַאר
מִיט זֵיין גַאנְצֶען הַארְץ, אוּנְד מִיט
זֵיינֶע גַאנְצֶע זֶעלֶע אוּנְד מִיט זֵיין
גַאנְצֶען פֶערְמֶעגֶען, נָאךְ דִיא גַאנְצֶע
תּוֹרָה פוּן מֹשֶׁה, אוּנְד נָאךְ אִיהְם אִיז
נִיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען וִויא עֶר׃
26 אָבֶער דֶער הַאר הָאט זִיךְ נִיט
וִוידֶערְגֶעקֶעהְרְט פוּן זֵיין גְרוֹיסֶען
גְרִימְצָארְן, וָואס זֵיין צָארְן הָאט
גֶעגְרִימְט אוֹיף יְהוּדָה, וֶועגֶען אַלֶע
דֶערְצָארֶענוּנְגֶען וָואס מְנַשֶּׁה הָאט
אִיהְם דֶערְצָארֶענְט׃
27 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט,
אוֹיךְ יְהוּדָה וֶועל אִיךְ אַוֶועקְטְהוּן פוּן
מֵיין אָנְגֶעזִיכְט, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ

דִיא יִשְׂרָאֵל אַוֶועקגֶעטְהוּן אוּנְד אִיךְ
הָאבּ פֶערְהַאסְט דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט
וָואס אִיךְ הָאבּ אויסְדֶערְוֶוילְט, יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד דָאס הויז וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט,
דָאס מֵיין נָאמֶען זָאל דָארְטֶען זֵיין:
28 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
יוֹאשִׁיָהוּ, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט
גֶעטְהוּן, וֶועגֶען זַייא נִיט פֶערְשְׁרִיבֶּען
אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דִבְרֵי הַיָמִים פוּן
דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה?
29 אִין זֵיינֶע צֵייטֶען אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
פַּרְעוֹה נְכוֹה דֶער קֶענִיג פוּן מִצְרָיִם
קֶעגֶען דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר אַן דֶעם
טֵייךְ פְּרָת, אוּנְד דֶער קֶענִיג יוֹאשִׁיָהוּ
אִיז אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
אַלְס עֶר הָאט אִיהְם (יוֹאשִׁיָהוּ) דֶערְזֶעהֶען
הָאט עֶר אִיהְם גֶעטֵייט אִין מְגִדוֹ:
30 אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען אִיהְם
גֶעפִירְט טוֹיטֶערְהֵייט פוּן מְגִדוֹ, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין זֵיין קֶבֶר,
אוּנְד דָאס פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד
הָאבֶּען גֶענוּמֶען יְהוֹאָחָז דֶעם זוּהְן פוּן
יוֹאשִׁיָהוּ, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
זַאלְבְּט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
מַאכְט קֶענִיגֶען אַנְשְׁטָאט זֵיין פָאטֶער:
31 דְרֵייא אוּנְד צְוַאנְצִיג יָאהְר אִיז
יְהוֹאָחָז אַלְט גֶעוֶועזֶען אַלְס עֶר אִיז
גֶעוָוארֶען קֶענִיג, אוּנְד דְרֵייא חֳדָשִׁים
הָאט עֶר רֶעגִירְט אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
דֶער נָאמֶען פוּן זֵיינֶע מוּטֶער אִיז גֶע־
וֶועזֶען חֲמוּטַל דִיא טָאכְטֶער פוּן
יִרְמְיָהוּ, פוּן לִבְנָה:
32 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן וָואס
שְׁלֶעכְט אִיז אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם
הַאר:
33 אוּנְד פַּרְעוֹה נְכוֹה הָאט אִיהְם
גֶעבּוּנְדֶען, אִין רִבְלָה אִין דֶעם לַאנְד חֲמָת,
כְּדֵי עֶר זָאל נִיט רֶעגִירֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֵייגְט אַ שְׁטְרָאף
אוֹיף דֶעם לַאנְד, הוּנְדֶערְט צֶענְטְנֶער
זִילְבֶּער, אוּנְד אֵיין צֶענְטְנֶער גָאלְד:
34 אוּנְד פַּרְעוֹה נְכוֹה הָאט גֶעמַאכְט
קֶענִיגֶען אֶלְיָקִים דֶעם זוּהְן פוּן יוֹאשִׁיָהוּ
אַנְשְׁטָאט זֵיין פָאטֶער יוֹאשִׁיָהוּ, אוּנְד
עֶר הָאט זֵיין נָאמֶען גֶעעֶנְדֶערְט
יְהוֹיָקִים, אוּנְד יְהוֹאָחָז הָאט עֶר גֶע־
נוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט
נָאךְ מִצְרָיִם, אוּנְד עֶר אִיז דָארְטֶען
גֶעשְׁטָארְבֶּען:
35 אוּנְד יְהוֹיָקִים הָאט גֶעגֶעבֶּען דָאס
זִילְבֶּער אוּנְד דָאס גָאלְד צוּ פַּרְעוֹה,
נֵייעֶרְט עֶר הָאט גֶעשַׁאצְט דָאס לַאנְד,
צוּ גֶעבֶּען דָאס זִילְבֶּער נָאךְ דֶעם בֶּע־
פֶעהְל פוּן פַּרְעוֹה, יֶעדֶער מַאן נָאךְ
זֵיינֶע שַׁאצוּנְג הָאט עֶר גֶעפָאדֶערְט
דָאס זִילְבֶּער אוּנְד דָאס גָאלְד פוּן דֶעם
פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד, צוּ גֶעבֶּען צוּ
פַּרְעוֹה נְכוֹה:
36 פִינְף אוּנְד צְוַאנְצִיג יָאהְר אִיז
יְהוֹיָקִים אַלְט גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר אִיז
קֶענִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶלְף יָאהְר הָאט
עֶר רֶעגִירְט אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער
נָאמֶען פוּן זֵיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען,
זְבוּדָה דִיא טָאכְטֶער פוּן פְּדָיָה, פוּן
רוּמָה:
37 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס
אִיז שְׁלֶעכְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם
הַאר, אַזוֹי וִויא זֵיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען
גֶעטְהוּן:

## קאפיטעל כד

1 אִין זֵיינֶע צֵייטֶען אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
נְבוּכַדְנֶאצַר דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אוּנְד
יְהוֹיָקִים אִיז צוּ אִיהְם גֶעוֶועזֶען אֵיין
קְנֶעכְט, דְרֵייא יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ



אומגעקעהרט

אוּמְגעקֶעהְרְט אוּנְד מוֹרֵד גְעוֶועזֶען
קֶעגֶען אִיהְם׃
2 אוּנְד דֶער הַאר הָאט קֶעגֶען אִיהְם
אָנְגֶעשִׁיקְט דִיא הֶעֶרְשַׁארֶען פוּן
כַּשְׂדִים, אוּנְד דִיא הֶעֶרְשַׁארֶען פוּן
אֲרָם, אוּנְד דִיא הֶעֶרְשַׁארֶען פוּן
מוֹאָב, אוּנְד דִיא הֶעֶרְשַׁארֶען פוּן דִיא
בְּנֵי־עַמּוֹן, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעשִׁיקְט
קֶעגֶען יְהוּדָה אִיהְם צוּ פֶערְטִילְגֶען,
אַזוֹי וִויא דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר,
וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט דוּרְךְ זֵיינֶע
קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים׃
3 גֵייעֶרְט דוּרְךְ דִיא רֵייד פוּן דֶעם
הַאר אִיז דָאס גֶעשֶׁעהֶען אִין יְהוּדָה
אִיהְם אָפְּצוּטְהוּן פוּן זֵיין אָנְגֶעזִיכְט,
וֶועגֶען דִיא זִינְד פוּן מְנַשֶּׁה, אַזוֹי וִויא
אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן׃
4 אוּנְד אוֹיךְ וֶועגֶען דָאס אוּנְשׁוּלְדִיגֶע
בְּלוּט וָואס עֶר הָאט פֶערְגָאסֶען, וָוארִין
עֶר הָאט פוּל גֶעמַאכְט יְרוּשָׁלַיִם מִיט
אוּנְשׁוּלְדִיגֶעם בְּלוּט, אוּנְד דֶער הַאר
הָאט נִיט גֶעוָואלְט פֶערְגֶעבֶּען׃
5 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
יְהוֹיָקִים, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט
גֶעטְהוּן, זֶענֶען זֵייא נִיט פֶערשְׁרִיבֶּען
אוֹיף דֶעם בּוּךְ פוּן דִבְרֵי הַיָמִים צוּ
דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה?
6 אוּנְד יְהוֹיָקִים הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט
מִיט זֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד זֵיין זוּהְן
יְהוֹיָכִין הָאט רֶעגִיעֶרְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם׃
7 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם הָאט
שׁוֹין נִיט גֶעמֶעהְרְט אַרוֹיסְצוּגֵיין פוּן
מִצְרַיִם, וָוארִין דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל
הָאט צוּגֶענוּמֶען, פוּן דֶעם טֵייךְ מִצְרַיִם
בִּיז צוּ דֶעם טֵייךְ פְּרָת, אַלֶעס וָואס
הָאט גֶעהֶערְט צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם׃
8 אַכְטְצֶעהְן יָאהְר אִיז יְהוֹיָכִין אַלְט
גֶעוֶועזֶען, וָוען עֶר אִיז קֶענִיג גֶעוָוארֶען;
אוּנְד דְרֵייא חֳדָשִׁים הָאט עֶר רֶעגִיעֶרְט
אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן
זֵיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען, נְחֻשְׁתָּא דִיא
טָאכְטֶער פוּן אֶלְנָתָן פוּן יְרוּשָׁלַיִם׃
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס
עֶס אִיז שְׁלֶעכְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן
דֶעם הַאר, אַזוֹי וִויא אַלֶעס וָואס זֵיין
פָאטֶער הָאט גֶעטְהוּן׃
10 אִין יֶענֶער צֵייט, זֶענֶען אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען דִיא קְנֶעכְט פוּן נְבֻכַדְנֶאצַּר
דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד דִיא שְׁטָאט אִיז גֶעקוּמֶען אִין
בֶּעלַאגֶערוּנְג׃
11 אוּנְד נְבֻכַדְנֶאצַּר דֶער קֶענִיג פוּן
בָּבֶל, אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶער שְׁטָאט,
אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען זִיךְ בֶּע־
לַאגֶערְט אִיבֶּער אִיהְר׃
12 אוּנְד יְהוֹיָכִין דֶער קֶענִיג פוּן
יְהוּדָה אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם
קֶענִיג פוּן בָּבֶל, עֶר אוּנְד זֵיינֶע מוּטֶער
אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט אוּנְד זֵיינֶע הוֹיפְּט־
לֵייטֶע, אוּנְד זֵיינֶע הוֹיפְּטבֶּעדִינְטֶע,
אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט אִיהְם
אַוֶועקְגֶענוּמֶען, אִין דֶעם אַכְטֶען יָאהְר
פוּן זֵיינֶע רֶעגִירוּנְג׃
13 אוּנְד עֶר הָאט פוּן דָארְטֶען
אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַלֶע אוֹצְרוֹת פוּן דֶעם
הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד דִיא אוֹצְרוֹת
פוּן דֶעם קֶענִיג'ס הוֹיז, אוּנְד עֶר הָאט
צוּבְּרָאכֶען אַלֶע גָאלְדֶענֶע כֵּלִים, וָואס
שְׁלֹמֹה דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט
גֶעמַאכְט אִין דֶעם טֶעמְפֶּעל פוּן דֶעם
הַאר, אַזוֹי וִויא דֶער הַאר הָאט גֶערֶעט׃
14 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְטְרִיבֶּען גַאנְץ
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אַלֶע הוֹיפְּטלֵייטֶע, אוּנְד
אַלֶע שְׁטַארְקֶע הֶעלְדֶען, צֶעהְן טוֹיזֶענְד

גְעפַאנְגֶענֶע, אוּנְד אַלֶע שְׁמִידֶען אוּנְד
שְׁלָאסֶער, עֶס אִיז נִיט אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען,
חוּץ דָאס אָרֶעמֶע פָאלְק פוּן דֶעם
לַאנְד׃
15 אוּנְד יְהוֹיָכִין הָאט עֶר פֶערְטְרִיבֶּען
נָאךְ בָּבֶל, אוּנְד דֶעם קֶענִיג'ס מוּטֶער
אוּנְד דֶעם קֶענִיג'ס װײבֶּער, אוּנְד זַיינֶע
הוֹיפְּטבֶּעדִינְטֶע, אוּנְד דִיא שְׁטַארְקֶע
פוּן דֶעם לַאנְד הָאט עֶר גֶעפִּיהְרְט
גֶעפַאנְגֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם נָאךְ בָּבֶל׃
16 אוּנְד אַלֶע מֶענְשֶׁען פוּן דֶעם
חַיִל, זִיבֶּען טוֹיזֶענְד, אוּנְד דִיא שְׁמִידֶען
אוּנְד דִיא שְׁלָאסֶער, אַיין טוֹיזֶענְד,
אַלֶע שְׁטַארְקֶע קְרִיגְסלֵייט, אוּנְד דֶער
קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט זֵייא גֶעבְּרַאכְט
גֶעפַאנְגֶען נָאךְ בָּבֶל׃
17 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט
גֶעמַאכְט קֶענִיגֶען זַיין פֶעטֶער מַתַּנְיָה
אַנְשְׁטָאט אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט זַיין
נָאמֶען גֶעעֶנְדֶערְט צִדְקִיָהוּ׃
18 אַיין אוּנְד צְװַאנְצִיג יָאהְר אִיז
צִדְקִיָהוּ אַלְט גֶעװֶעזֶען אַלְס עֶר אִיז
גֶעװָארֶען קֶענִיג, אוּנְד עֶלְף יָאהְר הָאט
עֶר רֶעגִיעֶרְט אִין יְרוּשָׁלָיִם, אוּנְד דֶער
נָאמֶען פוּן זַיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעװֶעזֶען
חֲמוּטַל דִיא טָאכְטֶער פוּן יִרְמְיָהוּ, פוּן
לִבְנָה׃
19 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן װָאס
שְׁלֶעכְט אִיז אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם
הַאר, אַזוֹי װִיא אַלֶעס װָאס יְהוֹיָקִים
הָאט גֶעטְהוּן׃
20 װײל דֶער צָארְן פוּן דֶעם הַאר אִיז
גֶעװֶעזֶען אִיבֶּער יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד אִיבֶּער
יְהוּדָה, בִּיז עֶר הָאט זֵייא פַארְװָארְפֶען
פוּן זַיין אָנְגֶעזִיכְט, אוּנְד צִדְקִיָהוּ הָאט
מוֹרֵד גֶעװֶעזֶען קֶעגֶען דֶעם קֶענִיג פוּן
בָּבֶל׃

## קאפיטעל כה

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אִין דֶעם
נֵיינְטֶען יָאהְר פוּן זַיינֶע רֶעגִירוּנְג, אִין
דֶעם צֶעהְנְטֶען חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם צֶעהְנ־
טֶען טָאג פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ, אִיז גֶעקוּמֶען
נְבוּכַדְנֶאצַר דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל, עֶר
אוּנְד זַיין גַאנְצֶעס חַיִל קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ קֶעגֶען אִיהְר גֶע־
לַאגֶערְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבּוֹיט אַרוּם
אִיהְר אַיין װַאלְל (פֶעסְטוּנְג)׃
2 אוּנְד דִיא שְׁטָאט אִיז גֶעקוּמֶען אִין
בֶּעלַאגֶערוּנְג, בִּיז צוּ דֶעם צְװֶעלְפְטֶען
יָאהְר פוּן דֶעם קֶענִיג צִדְקִיָהוּ׃
3 אִין דֶעם נֵיינְטֶען טָאג אִין דֶעם
חוֹדֶשׁ הָאט זִיךְ דֶער הוּנְגֶער גֶעשְׁטַארְקְט
אִין דִיא שְׁטָאט, אוּנְד עֶס אִיז נִיט
גֶעװֶעזֶען קֵיין בְּרוֹיט פַאר דֶעם פָאלְק
פוּן דֶעם לַאנְד׃
4 אוּנְד דִיא שְׁטָאט אִיז אוֹיפְגֶעבְּרָאכֶען
גֶעװָארֶען, אוּנְד אַלֶע קְרִיגְ'ס לֵייט
זֶענֶען בֵּייא נַאכְט עֶנְטְלָאפֶען דוּרְךְ
דֶעם טוֹיעֶר צְװִישֶׁען בֵּיידֶע מוֹיעֶרֶען,
װָאס זֶענֶען גֶעװֶעזֶען בֵּייא דֶעם גָארְטֶען
פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד דִיא כַּשְׂדִים
זֶענֶען גֶעװֶעזֶען אוּם דֶער שְׁטָאט אַרוּם,
אוּנְד עֶר (דֶער קֶענִיג) אִיז גֶעגַאנְגֶען
דוּרְךְ דִיא װִיסְטֶע׃
5 אוּנְד דָאס חַיִל פוּן דִיא כַּשְׂדִים
הָאבֶּען נָאכְגֶעיָאגְט נָאךְ דֶעם קֶענִיג,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם דֶערגְרֵייכְט
אִין דִיא פֶעלְדֶער פוּן יְרֵחוֹ, אוּנְד זַיין
גַאנְצֶעס חַיִל זֶענֶען פוּן אִיהְם פֶערְ־
שְׁפְּרֵייט גֶעװָארֶען׃
6 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶעם קֶענִיג גֶע־
פַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
בְּרַאכְט צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל נָאךְ

רִבְלָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען מִיט אִיהְם
גֶערֶעט אִין דֶעם מִשְׁפָּט :
7 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן צִדְקִיָהוּ הָאבֶּען
זַייא גֶעשָׁאכְטֶען פַאר זַיינֶע אוֹיגֶען,
אוּנְד דִיא אוֹיגֶען פוּן צִדְקִיָהוּ הָאט
עֶר בְּלִינְד גֶעמַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט
אִיהְם גֶעבְּרַאכְט נָאךְ בָּבֶל :
8 אוּנְד אִין דֶעם פִינְפְטֶען חוֹדֶשׁ, אִין
דֶעם זִיבֶּענְטֶען טָאג אִין דֶעם חוֹדֶשׁ,
דָאס אִיז דָאס נַיינְצֶעהְנְטֶע יָאהְר פוּן
נְבֻכַדְנֶאצַר דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אִיז
גֶעקוּמֶען נְבוּזַרְאֲדָן דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער
פוּן דִיא לֵייבְּוַואכֶע, אֵיין קְנֶעכְט פוּן
פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל קֵיין יְרוּשָׁלָיִם :
9 אוּנְד עֶר הָאט פַארְבְּרֶענְט דָאס
הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד דָאס הוֹיז
פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד אַלֶע הֵייזֶער פוּן
יְרוּשָׁלָיִם, אוּנְד אַלֶע גְרֶעסְטֶע הֵייזֶער
הָאט עֶר פַארְבְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר :
10 אוּנְד דִיא מוֹיעֶרֶען וָואס וַוארֶען אַרוּם
יְרוּשָׁלָיִם, הָאט צוּשְׁטוֹיסֶען דָאס גַאנְצֶע
חַיִל פוּן דִיא כַּשְׂדִים וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
מִיט דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דִיא
לֵייבְּוַואכֶע :
11 אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע פָאלְק, וָואס
אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶער שְׁטָאט, אוּנְד
דִיא גֶעפַאלֶענֶע וָואס זֶענֶען צוּגֶעפַאלֶען
צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אוּנְד דִיא
אִיבְּרִיגֶע פוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶע, הָאט
נְבוּזַרְאֲדָן דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דִיא
לֵייבְּוַואכֶע פַארְטְרִיבֶּען :
12 אוּנְד פוּן דִיא אָרֶעמְסְטֶע פוּן דֶעם
לַאנְד הָאט דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דִיא
לֵייבְּוַואכֶע אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען צוּ וַויינְ־
גֶערְטְנֶערְן אוּנְד צוּ אַקֶערְלֵייט :
13 אוּנְד דִיא קוּפֶּערְנֶע זֵיילֶען וָואס
וַוארֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד
דִיא גֶעשְׁטֶעלֶען, אוּנְד דָאס קוּפֶּערְנֶע
יַם, וָואס זֶענֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם
הַאר, הָאבֶּען דִיא כַּשְׂדִים צוּבְּרָאכֶען
אוּנְד זַייא הָאבֶּען זֵייעֶר קוּפֶּער גֶע־
טְרָאגֶען נָאךְ בָּבֶל :
14 אוּנְד דִיא טֶעפּ אוּנְד דִיא שׁוֹיפְלֶען,
אוּנְד דִיא מֶעסֶערְם אוּנְד דִיא לֶעפֶעל,
אוּנְד אַלֶע קוּפֶּערְנֶע כֵּלִים וָואס זֶענֶען
אִין גֶעבְּרוֹיךְ, הָאבֶּען זַייא צוּגֶענוּמֶען :
15 דִיא פֵייעֶרְפַאנֶען אוּנְד דִיא בֶּעקֶען,
וָואס וַוארֶען פוּן לוֹיטֶער גָאלְד, אוּנְד פוּן
לוֹיטֶער זִילְבֶּער, הָאט דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער
פוּן דִיא לֵייבְּוַואכֶע צוּגֶענוּמֶען :
16 דִיא צְוֵייא זֵיילֶען, דָאס יַם, אוּנְד
דִיא גֶעשְׁטֶעלֶען וָואס שְׁלֹמֹה הָאט
גֶעמַאכְט צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר ;
עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין וָואג צוּ
דֶעם קוּפֶּער פוּן דִיא דָאזִיגֶע כֵּלִים :
17 אַכְטְצֶעהְן אֵיילֶען וַואר דִיא הוֹיךְ
פוּן אֵיין זֵייל, אוּנְד אֵיין קוּפֶּערְנֶע
קְרוֹין אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף אִיהְם, אוּנְד
אַ גֶעפְלֶעכְט, אוּנְד דִיא גְרַאנַאט־עֶפֶּעל
וָואס וַוארֶען אַרוּם, וַואר אַלֶעם פוּן
קוּפֶּער, אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע אִיז אוֹיךְ
אוֹיף דֶעם צְוֵויטֶען זֵייל גֶעוֶועזֶען, מִיט
דֶעם גֶעפְלֶעכְט :
18 אוּנְד דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דִיא
לֵייבְּוַואכֶע הָאט צוּגֶענוּמֶען דֶעם הוֹיפְּט
כֹּהֵן שְׂרָיָה, אוּנְד דֶעם צְוֵויטֶען כֹּהֵן
צְפַנְיָהוּ, אוּנְד דִיא דְרֵייא וֶועכְטֶער פוּן
דֶער טְהִיר :
19 אוּנְד פוּן דֶער שְׁטָאט הָאט עֶר
צוּגֶענוּמֶען אֵיין הוֹיפְּטבֶּעדִינְטֶען וָואס
עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין בֶּעפֶעהְלֶער
אִיבֶּער דִיא קְרִיג'ס לֵייטֶע, אוּנְד פִינְף
מֶענְשֶׁען פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
דֶעם קֶענִיג'ס פָּנִים, וָואס זֶענֶען

גֶעפוּגֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶער שְׁטָאט, אוּנְד
דֶעם שְׁרַייבֶּער פוּן דֶעם הויפְּטמַאן
וָואס הָאט פֶערזַאמֶעלְט דָאס פָאלְק
פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד זֶעכְצִיג מַאן פוּן
דֶעם פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד, וָואס זֶענֶען
גֶעפוּגֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶער שְׁטָאט :
20 אוּנְד נְבוּזַרְאֲדָן דֶער אויבֶּערשְׁטֶער
פוּן דִיא לֵייבּוַואךְ הָאט זֵייא צוּגֶענוּמֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעפִיהְרְט צוּ דֶעם
קֶענִיג פוּן בָּבֶל נָאךְ רִבְלָה :
21 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט
זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
גֶעטֵייט אִין רִבְלָה, אִין דֶעם לַאנְד
חֲמָת, אוּנְד אַזוֹי אִיז יְהוּדָה פֶערטְרִיבֶּען
גֶעוָוארֶען פוּן זַיין לַאנְד :
22 אוּנְד דָאס פָאלְק וָואס אִיז אִיבֶּערְ־
גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶעם לַאנְד פוּן יְהוּדָה,
וָואס נְבוּכַדְנֶאצַר דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל
הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען, אִיבֶּער זֵייא הָאט
עֶר בֶּעפוֹילֶען גְדַלְיָהוּ דֶעם זוּהְן פוּן
אֲחִיקָם דֶעם זוּהְן פוּן שָׁפָן :
23 אוּנְד וֶוען דִיא אויבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם
חַיִל הָאבֶּען דֶערְהֶערְט, אוּנְד אויךְ
דִיא אִיבְּרִיגֶע מֶענְשֶׁען, דָאס דֶער
קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט בֶּעפוֹילֶען
גְדַלְיָהוּ, זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען צוּ גְדַלְיָהוּ
נָאךְ מִצְפָּה, אוּנְד יִשְׁמָעֵאל דֶער זוּהְן
פוּן נְתַנְיָה, אוּנְד יוֹחָנָן דֶער זוּהְן פוּן
קָרֵחַ, אוּנְד שְׂרָיָה דֶער זוּהְן פוּן
תַּנְחֻמֶת הַנְטוֹפָתִי, אוּנְד יַאֲזַנְיָהוּ דֶער
זוּהְן פוּן מַעֲכָת, זֵייא מִיט זֵיירֶע
מֶענְשֶׁען :
24 אוּנְד גְדַלְיָהוּ הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ
זֵייא, אוּנְד צוּ זֵיירֶע מֶענְשֶׁען, אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר זָאלְט
אֵייךְ נִיט פָארְכְטֶען, פַאר דִיא קְנֶעכְט
פוּן דִיא כַּשְׂדִים, בְּלֵייבְּט אִין דֶעם לַאנְד,
אוּנְד דִינְט דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אַזוֹי
וֶועט אֵייךְ גוּט זַיין :
25 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
זִיבֶּענְטֶען מָאנַאט, אִיז גֶעקוּמֶען
יִשְׁמָעֵאל דֶער זוּהְן פוּן נְתַנְיָה דֶער
זוּהְן פוּן אֱלִישָׁמָע פוּן דִיא קֶענִיגְלִיכֶע
קִינְדֶער, אוּנְד מִיט אִיהְם צֶעהְן מַאן,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען גְדַלְיָהוּ,
אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד אויךְ
דִיא יְהוּדִים, אוּנְד דִיא כַּשְׂדִים וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהְם אִין מִצְפָּה :
26 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז
אויפְגֶעשְׁטַאנֶען, פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס,
אוּנְד דִיא אויבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא חַיָלִים
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ מִצְרַיִם,
וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען
פַאר דִיא כַּשְׂדִים
27 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
זִיבֶּען אוּנְד דְרֵייסִיגְסְטֶען יָאהְר נָאךְ
דֶער פֶערְטְרֵייבּוּנְג פוּן יְהוֹיָכִין דֶעם
קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אִין דֶעם צְוֶועלְפְטֶען
חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם זִיבֶּען אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶען
טָאג פוּן חוֹדֶשׁ, הָאט אֱוִיל מְרוֹדַךְ
דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל אִין דֶעם דְרִיטֶען
יָאהְר פוּן זַיין רֶעגִירֶען דֶערְהויבֶּען
דֶעם קָאפּ פוּן יְהוֹיָכִין דֶעם קֶענִיג פוּן
יְהוּדָה, פוּן זַיין גֶעפֶענְגְנִיס :
28 אוּנְד עֶר הָאט מִיט אִיהְם גֶערֶעט
פְרֵיינְדְלִיךְ, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
גֶעבֶּען זַיין שְׁטוּהְל הֶעכֶער פוּן דִיא
שְׁטוּהְלֶען פוּן דִיא קֶענִיגֶע וָואס וַוארֶען
מִיט אִיהְם אִין בָּבֶל :
29 אוּנְד עֶר הָאט פֶערֶענְדֶערְט דִיא
קְלֵיידֶער פוּן זַיין גֶעפֶענְגְנִיס, אוּנְד עֶר
הָאט אִימֶער מִיט אִיהְם גֶעגֶעסֶען בְּרוֹיט,
אַלֶע טֶעג פוּן זַיין לֶעבֶּען :


אונד

30 אוּנְד זַיינֶע שְׁפֵּייז, אִיז אִיהְם גֶער־
גֶעבֶּען גֶעוָואָרֶען אֵיין שְׁטֶענְדִיגֶע
שְׁפֵּייז פוּן דֶעם קֶענִיג, טָאג פִּיר טָאג,
אַלֶע טֶעג פוּן זַיין לֶעבֶּען׃

# חזק

אלע פסוקים פֿון דיא צווייא ביכער פֿון מלכים זענען איין טויזענד פֿינף הונדערט אונר פיער אונד דרייסיג; דיא העלפֿט דאפֿון איז מלכים א׳ כ״ב ו׳; אונד איןביידע ביכער זענען זיבען אונד פֿירציג קאפיטלעך:

געלויבט איז דער וועלכער גיבט צו דעם מידען קראפֿט
אונד צו דעם וועלכער האט קיינע קראפֿט
פֿערמעהרט ער שטארקייט:

# נביאים אחרונים

ישעיה
ירמיה
יחזקאל
הושע
יואל
עמוס
עבדיה
יונה
מיכה
נחום
חבקוק
צפניה
חגי
זכריה
מלאכי

# יְשַׁעְיָה

1 דִיא זֶעהוּנְג פוּן יְשַׁעְיָהוּ זוּהְן פוּן אָמוֹץ, וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אִיבֶּער יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלָיִם, אִין דִיא טֶעג פוּן עֻזִיָהוּ, יוֹתָם, אָחָז אוּנְד יְחִזְקִיָהוּ דִיא מְלָכִים פוּן יְהוּדָה:

2 הֶערְט צוּ אִיהְר הִימֶעל אוּנְד פֶּערְ־גֶעם עֶס עֶרְד, וָוארִין יְהֹוָה הָאט גֶערֶעט; אִיךְ הָאבּ קִינְדֶער אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען אוּנְד דֶערְהֵייכְט, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען קֶעגֶען מִיר מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען:

3 אֵיין אָקְס קֶענְט זֵיין קוֹיפֶער אוּנְד דֶער אֵייזֶעל דִיא קָארֶעטֶע פוּן זֵיין הַאר, אָבֶּער יִשְׂרָאֵל קֶען עֶס נִיט, מֵיין פָאלְק בֶּעטְרַאכְט עֶס נִיט:

4 אוֹי וֵויא, אַ זִינְדִיג פָאלְק, אַ פָאלְק שְׁוֶוער בֶּעלָאדֶען מִיט זִינְד, זָאמֶען וָואס טְהוּט שְׁלֶעכְטֶס, פֶערְ־דָארְבֶּענֶע קִינְדֶער, זֵייא הָאבֶּען פֶערְ־לָאזֶען יְהֹוָה, זֵייא הָאבֶּען דֶערְצָארְנְט דֶעם הֵיילִיגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל, זֵייא זֶענֶען הִינְטֶער זִיךְ אָפְּגֶעשֵׁייט:

5 פַאר וָואס זָאלְט אִיהְר גֶעשְׁלָאגֶען וֶוערֶען? אִיהְר טְהוּט נָאךְ מֶעהְר אָפְּ־קֶעהְרֶען, אִיטְלִיכֶער קָאפּ אִיז קְרַאנְק, אוּנְד אִיטְלִיכֶעס הַארְץ הָאט וֵוייטָאג:

6 פוּן דֶעם פוּסְטְרִיט בִּיז צוּ דֶעם קָאפְּשֵׁייטֶעל אִיז אִין קֵיינֶעם קֵיין גַאנְצְקַייט, נָאר וְואוּנְדֶען אוּנְד בֵּיילֶען, אוּנְד מַכּוֹת מִיט אֵייטֶער, זֵייא זֶענֶען נִיט אוֹיסְגֶעקְוֶועטְשְׁט אוּנְד נִיט פֶערְ־בּוּנְדֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אוֹיךְ נִיט דֶערְוֵוייכְט מִיט בּוֹימְאֵייל:

7 אֵייעֶר לַאנְד אִיז וִוירסְט, אֵייעֶרֶע שְׁטֶעט פֶערְבְּרֶענְט מִיט פַייעֶר, פְרֶעמְדֶע עֶסֶען אוֹיף אֵייעֶר לַאנְד פַאר אֵייךְ, אוּנְד עֶס אִיז פֶערְוִוירסְט וִויא אִיבֶּערְ־קֶעהְרוּנְג פוּן פְרֶעמְדֶע:

8 אוּנְד דִיא טָאכְטֶער (שְׁטָאט) צִיוֹן אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען וִויא אַ בֵּיידֶעל וָואס אִיז אִין אַ וֵויינְגָארְטֶען, אוּנְד וִויא אַ נַאכְטבֵּיידֶעל אִין אַ פְלוּצֶער גָארְטֶען, אַזוֹי וִויא אַ בֶּעלַאגֶערְטֶע שְׁטָאט:

9 וֶוען גָאט פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען הֶעט נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַן אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג, אַזוֹי הֶעטֶען מִיר כִּמְעַט גֶעוֶועזֶען וִויא סְדוֹם, אוּנְד מִיר הֶעטֶען גֶעוָוארֶען גְלֵייךְ וִויא עֲמוֹרָה:

10 הֶערְט דָאס וָוארְט פוּן יְהֹוָה אִיהְר הַארֶען פוּן סְדוֹם, אוּנְד פֶערְ־נֶעמְט דִיא תּוֹרָה פוּן אוּנְזֶער גָאט, אִיהְר פָאלְק פוּן עֲמוֹרָה!

11 צוּ וָואס טוֹיג מִיר אֵיירֶע פִילֶע קָרְבָּנוֹת, זָאגְט יְהֹוָה, אִיךְ בִּין זַאט פוּן דִיא עוֹלוֹת פוּן דִיא ווִידֶער, אוּנְד פוּן דֶעם חֵלֶב פוּן גֶעשְׁטָאפְּטֶע בְּהֵמוֹת, אוּנְד בְּלוּט פוּן אָקְסֶען אוּנְד שָׁאף אוּנְד צִיגֶענְבֶּעק, הָאבּ אִיךְ נִיט פֶערְלַאנְגְט:

12 וֶוען אִיהְר קוּמְט אַרֵיין גֶעזֶעהֶען צוּ וֶוערֶען פַאר מִיר, וֶוער הָאט דָאס פֶערְלַאנְגְט פוּן אֵיירֶע הֶענְד, אַז אִיהְר זָאלְט טְרֶעטֶען אִין מֵיין הוֹיף?

13 אִיהְר זָאלְט נִיט מֶעהְר בְּרֶענְגֶען פַאלְשֶׁע מִנְחוֹת, קְטוֹרֶת אִיז צוּ מִיר אֵיין אוּמְווִירְדִיגְקֵייט, רוֹאשׁ חוֹדֶשׁ אוּנְד

שַׁבָּת וָואס אִיהְר רוּפְט אַ פֶערְזַאמְלוּנְג
דָאס קֶען אִיךְ נִיט לֵיידֶען, דִיא פֶערְ־
זַאמְלוּנְג אִיז מִיט אוּמְרֶעכְט:
14 רָאשֵׁי חֳדָשִׁים אוּנְד אֵייעֶרֶע יָמִים
טוֹבִים הָאבּ אִיךְ פֵיינְד, זֵייא זָענֶען צוּ
מִיר אַ לַאסְט, אִיךְ בִּין מִיד זֵייא צוּ
דֶערְטְרָאגֶען:
15 אוּנְד וָוען אִיהְר שְׁפְּרֵייט אוֹיס
אֵייעֶרֶע הֶענְד אַזוֹי פֶערְבָּארְג אִיךְ מֵיינֶע
אוֹיגֶען פוּן אֵייךְ, אוּנְד אֲפִילוּ וָוען
אִיהְר פֶערְמֶעהְרְט תְּפִלּוֹת צוּ טְהוּן
וָועל אִיךְ אֵייךְ דָאךְ נִיט דֶערְהֶערֶען,
ווייל אֵייעֶרֶע הֶענְד זָענֶען פוּל מִיט
בְּלוּט:
16 וַואשְׁט אֵייךְ, רֵיינִיגְט אֵייךְ, טְהוּט
אָפּ אֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים פוּן פָאר
מֵיינֶע אוֹיגֶען, הֶערְט אוֹיף שְׁלֶעכְטֶעס
צוּ טְהוּן:
17 לֶערְנְט גוּטֶעס צוּ טְהוּן, פָארְשְׁט
וָואס אִיז רֶעכְט, מַאכְט גְלִיקְלִיךְ דֶעם
בֶּערוֹיבְּטֶען, מִשְׁפָּט רֶעכְט דֶעם יָתוֹם,
אוּנְד פֶערְטֵיידִיגְט דִיא אַלְמָנָה:
18 דֶערְנָאךְ קוּמְט, לָאמֶער אַ וִויכּוּחַ
הָאבֶּען, זָאגְט גָאט, וָוען אֵייעֶרֶע זִינְד
וָועלֶען זַיין אַזוֹי וִויא רוֹיטֶע פָארֶעם,
וָועלֶען זֵייא וָוערֶען ווייס וִויא שְׁנֵייא,
וָוען זֵייא וָועלֶען זַיין גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא
קַארְמֶעזִין פַארְבּ, וָועלֶען זֵייא וָוערֶען
וִויא וָואל:
19 וָוען אִיהְר וָועט וָועלֶען אוּנְד גֶע־
הָארְכֶען אַזוֹי וָועט אִיהְר עֶסֶען דָאס
בֶּעסְטֶע פוּן דֶעם לַאנְד:
20 אָבֶּער וָוען אִיהְר וָועט נִיט וָועלֶען
אוּנְד אִיהְר וָועט מוֹרֵד זַיין, אַזוֹי וָועט
אִיהְר פֶערְדָארְבֶּען וָוערֶען דוּרְךְ דֶעם
שְׁוֶוערְט, וָוארִין גָאט'ס מוֹיל הָאט עֶס
גֶערֶעט:

21 אוֹי, וִויא אִיז דִיא גֶעטְרֵייעֶ שְׁטָאט
גֶעוָוארֶען אַלְס אַ זוֹנָה, זִיא אִיז גֶע־
וָועזֶען פוּל מִיט מִשְׁפָּט, גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
אִיז תָּמִיד אִין אִיהְר גֶעוָועזֶען, אָבֶּער
אַצוּנְד זָענֶען רוֹצְחִים דָארְט:
22 דֵיין זִילְבֶּער אִיז גֶעוָוארֶען צוּ
פְּסוֹלֶת, דֵיין גֶעטְרֶענְק אִיז גֶעמִישְׁט
מִיט וַואסֶער:
23 דֵיינֶע פִירְשְׁטֶען זָענֶען אָפְּטְרִינִיגֶע
גֶעוָוארֶען, אוּנְד חֲבֵרִים פוּן גַנָּבִים,
אַלֶע לִיבֶּען צוּ נֶעמֶען שׁוֹחַד, אוּנְד
אִיטְלִיכֶער יָאגְט נָאךְ בֶּעצָאלוּנְגֶען,
דֶעם יָתוֹם טְהוּן זֵייא נִיט מִשְׁפָּטֶען,
אוּנְד דָאס רֶעכְט פוּן אֵיינֶע אַלְמָנָה
קוּמְט אוֹיךְ נִיט צוּ זֵייא:
24 דַארִיבֶּער זָאגְט דֶער הַאר גָאט
פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען, דֶער שְׁטַארְקֶער
פוּן יִשְׂרָאֵל, אוֹי! אִיךְ וָועל מִיךְ
טְרֵייסְטֶען וָועגֶען מֵיינֶע בֶּעלֵיידִיגֶער,
אוּנְד אִיךְ וָועל מִיךְ נוֹקֵם זַיין פוּן
וָועגֶען מֵיינֶע פֵיינְד:
25 אוּנְד אִיךְ וָועל אוּמְקֶעהְרֶען מֵיינֶע
הַאנְד אִיבֶּער דִיר, אוּנְד אִיךְ וָועל
רֵיינִיגֶען אַזוֹי וִויא זֵייף דֵיין פְּסוֹלֶת,
אוּנְד אִיךְ וָועל אָפְּטְהוּן דֵיין גַאנְצֶעס
צִין:
26 אוּנְד אִיךְ וָועל צוּרִיקְקֶעהְרֶען
דֵיינֶע שׁוֹפְטִים וִויא צוּם עֶרְשְׁטֶען,
אוּנְד דֵיינֶע עֵצָה גֶעבֶּערְס אַזוֹי
וִויא פְרִיהֶער; נָאכְדֶעם וָועסְט דוּא
גֶערוּפֶען וָוערֶען, דִיא גֶערֶעכְטֶע אוּנְד
גֶעטְרֵייעֶ שְׁטָאט:
27 צִיוֹן זָאל דוּרְךְ מִשְׁפָּט אוֹיסְגֶעלֵייזְט
וָוערֶען, אוּנְד אִיהְרֶע בַּעֲלֵי תְּשׁוּבָה
דוּרְךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט:
28 אָבֶּער דִיא פּוֹשְׁעִים אוּנְד זִינְדֶער
וָועלֶען צוּזַאמֶען צוּבְּרָאכֶען וָוערֶען,

אוּנְד דִיא וָואס פֶערְלָאזֶען יְהֹוָה וֶועלֶען
פֶערְלֶענְט וֶוערֶען (אוּמְקוּמֶען) :
29 וָוארִין זֵייא וֶועלֶען פֶערְשֶׁעמְט
וֶוערֶען פוּן וֶועגֶען דִיא לִינְדֶערְנְבֵּיימֶער
וָואס אִיהְר הָאט גֶעגְלוּסְט, אוּנְד אִיהְר
וֶועט אֵייךְ שֶׁעמֶען פוּן וֶועגֶען דִיא
גֶערְטֶנֶערְס וָואס אִיהְר הָאט אֵייךְ אוֹיסְ־
דֶערְוֶוייְלְט :
30 וָוארִין אִיהְר וֶועט זֵיין אַזוֹי וִויא
אַ לִינְדֶערְנְבּוֹים וָואס זֵיינֶע בְּלֶעטֶער
פֶערְוֶועלְקֶען, אוּנְד וִויא אַ גָארְטֶען
וָואס הָאט נִיט קֵיין וַואסֶער :
31 אוּנְד דָאס שְׁטַארְקֶע וֶועט וֶוערֶען
אַזוֹי וִויא פְלַאקְס־שְׁטֶענְגֶלֶעךְ, אוּנְד זֵיין
וֶוערְק וִויא פֵייעֶר־פוּנְקֶען, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען צוּזַאמֶען בְּרֶענֶען אוּנְד קֵיינֶער
וֶועט זֵייא נִיט אוֹיסְלֶעשֶׁען :

## קאפיטעל ב

1 (דָאס אִיז) דִיא זַאךְ וָואס יְשַׁעְיָה
בֶּן אָמוֹץ הָאט גֶעזֶעהֶען אִיבֶּער יְהוּדָה
אוּנְד יְרוּשָׁלָיִם :
2 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אִין דִיא לֶעצְטֶע
טֶעג, אַזוֹי וֶועט בֶּעפֶעסְטִיגְט וֶוערֶען
דֶער בַּארְג פוּן דֶעם הוֹיז פוּן גָאט אַן
דֶער שְׁפִּיץ פוּן דִיא בֶּערְג, אוּנְד עֶס
וֶועט זֵיין דֶערְהוֹיבֶּען אִיבֶּער דִיא הֵייךְ,
אוּנְד אַלֶע פֶעלְקֶער וֶועלֶען זִיךְ דַאצוּ
אֵיילֶען :
3 אוּנְד פִילֶע פֶעלְקֶער וֶועלֶען אַהִינְ־
גֵיין, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זָאגֶען, קוּמְט,
אוּנְד לָאסְט אוּנְס אַרוֹיפְגֵיין צוּ דֶעם
בַּארְג פוּן יְהֹוָה, צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם
גָאט פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד עֶר וֶועט אוּנְס
לֶערְנֶען פוּן וֶועגֶען זֵיין וֶועג, אוּנְד מִיר
וֶועלֶען גֵיין אִין זֵיינֶע שְׁטֶעגֶען, וָוארִין
פוּן צִיוֹן וֶועט אַרוֹיסְגֵיין דִיא תּוֹרָה,
אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אוֹיס
יְרוּשָׁלָיִם :
4 אוּנְד עֶר וֶועט מִשְׁפָּטֶען צְוִוישֶׁען
דִיא גוֹיִם, אוּנְד עֶר וֶועט רֶעכְט בֶּעֶ־
וֵוייזֶען צוּ פִילֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען צוּקְלַאפֶּען זֵיירֶע שְׁוֶוערְטֶער צוּ
אַקֶערְאֵייזֶען, אוּנְד זֵיירֶע שְׁפִּיזֶען צוּ
שְׁנֵיידְמֶעסֶר, אֵיין פָאלְק וֶועט נִיט מֶעהְר
אוֹיפְהֵייבֶּען אַ שְׁוֶוערְט אַנְטְקֶעגֶען אַן
אַנְדֶער פָאלְק, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען נִיט
מֶעהְר לֶערְנֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען :
5 אוֹי, הוֹיז פוּן יַעֲקֹב, קוּמְט אוּנְד
לָאזְט אוּנְס גֵיין אִין דֶעם לִיכְט פוּן
יְהֹוָה :
6 וָוארִין דוּא הָאסְט פֶערְלָאזְט דֵיין
פָאלְק, דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יַעֲקֹב, וֵוייל
זֵייא זֶענֶען פוּל גֶעוָוארֶען פוּן דִיא פוּן
מִזְרָח זֵייט, אוּנְד מִיט כִּישׁוּף מַאכֶערְס
אַזוֹי וִויא דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד זֵייא
פְרֵייעֶן זִיךְ מִיט פְרֶעמְדֶע קִינְדֶער :
7 אוּנְד זֵיין לַאנְד אִיז פוּל גֶעוָוארֶען
מִיט זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד, אוּנְד עֶס אִיז
נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין עֶנְד צוּ זֵיינֶע
אוֹצְרוֹת ; אוּנְד זֵיין לַאנְד אִיז פוּל
גֶעוָוארֶען מִיט פֶערְד, אוּנְד עֶס אִיז
נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין עֶנְד צוּ זֵיינֶע רֵייטְ־
וֶועגֶען :
8 אוּנְד זֵיין לַאנְד אִיז גֶעוָוארֶען פוּל
מִיט אָפְּגֶעטֶער, צוּ דִיא מַעֲשִׂים פוּן
זֵיירֶע הֶענְד וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט
מִיט זֵיירֶע פִינְגֶער הָאבֶּען זֵייא זִיךְ
גֶעבּוּקְט :
9 אַ גֶעמֵיינֶער מֶענְשׁ בֵּייגְט זִיךְ
אַנִידֶער, אוּנְד אַ גְרוֹיסֶער מַאן דֶעמִי־
טִיגְט זִיךְ, אָבֶּער דוּא זָאלְסְט זֵייא נִיט
פַארְגֶעבֶּען :
10 מֶען וֶועט מִיזֶען אַרֵיינְגֵיין אִין דֶעם
שְׁפַּאלְט פוּן אַ פֶעלְז, אוּנְד מֶען וֶועט

זִיךְ

זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אִין דֶעם שְׁטוֹיב, פוּן
וֶועגֶען דִיא פָארְכְט פַאר יְהוָֹה, אוּנְד
פוּן וֶועגֶען זַיינֶע שֵׁיינְהֵייט אוּנְד
מַאיֶעסְטֶעט:
11 דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם שְׁטָאלְצֶען
מֶענְשׁ וֶועט גֶענִידֶערְט וֶוערֶען,
אוּנְד דִיא הוֹיכְקַייט פוּן דִיא לֵייט וֶועט
אַרוּנְטֶערְגֶעבֵּייגְט וֶוערֶען, אָבֶּער יְהוָֹה
אַלֵיין וֶועט אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג
דֶערְהוֹיבֶּען וֶוערֶען:
12 וָוארִין עֶס אִיז דָא אֵיין טָאג (אַ
יוֹם הַדִין) צוּ גָאט פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען
אִיבֶּער אַלֶע שְׁטָאלְצֶע אוּנְד דֶערְהֵייכְטֶע
אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע דֶערְהוֹיבֶּענֶע אוּנְד
דֶערְנִידְרִיגְטֶע:
13 אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע טֶענֶענְבּוֹימֶער
פוּן לְבָנוֹן, דִיא הוֹיכֶע אוּנְד דֶערְהוֹי־
בֶּענֶע, אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע לִינְדֶענְבּוֹימֶער
פוּן בָּשָׁן:
14 אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע הוֹיכֶע בֶּערְג,
אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע דֶערְהוֹיבֶּענֶע הֵייךְ:
15 אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע הוֹיכֶע טִירְמֶער
אוּנְד אִיבֶּער אִיטְלִיכֶע פֶעסְטֶע מוֹיעֶר:
16 אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע שִׁיפֶען פוּן
תַּרְשִׁישׁ, אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע לִיסְטִיגֶע
פְלַאסְטֶער (בִּילְדֶער):
17 אוּנְד דִיא שְׁטָאלְצְהֵייט פוּן גֶעמֵיינֶע
מֶענְשֶׁען וֶועט אַנִידֶער גֶעבּוֹיגֶען וֶוערֶען,
אוּנְד דִיא הוֹיכְהֵייט פוּן דִיא פָארְנֶעהְמֶע
לַייט וֶועט עֶרְנִידֶערְט וֶוערֶען, אָבֶּער
יְהוָֹה אַלֵיין וֶועט אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג דֶערְהוֹיבֶּען וֶוערֶען:
18 אוּנְד דִיא אָפְּגֶעטֶער וֶועלֶען אִים
גַאנְצֶען פֶערְטִילִיגְט וֶוערֶען:
19 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אַרֵיינְקוּמֶען אִין
דִיא הַיילֶען פוּן דִיא פֶעלְזֶענְשְׁטֵיינֶער,
אוּנְד אִין דִיא גְרוּבֶּער פוּן דֶער עֶרְדֶע,

פוּן וֶועגֶען דֶער פוּרְכְט פַאר יְהוָֹה,
אוּנְד פוּן וֶועגֶען דִיא שֵׁיינְהֵייט פוּן
זַיינֶע מַאיֶעסְטֶעט, וֶוען עֶר וֶועט אוֹיפְ־
שְׁטֵיין דִיא עֶרְד צוּ דֶערְשְׁרֶעקֶען:
20 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועט דֶער
מֶענְשׁ אַוֶועקְוַוארְפֶען זַיינֶע זִילְבֶּערְנֶע
אוּנְד גָאלְדֶענֶע אָפְּגֶעטֶער, וָואס עֶר
הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אוּם זֵייא אָנְצוּ־
בֶּעטֶען, צוּ דִיא מוֹילְוַוארְפֶען אוּנְד צוּ
דִיא פְלֶעדֶערְמֵייזֶען:
21 כְּדֵי (גְרִינְגֶער) אַרֵיינְצוּקוּמֶען אִין
דִיא לֶעכֶער פוּן דִיא פֶעלְזֶענְשְׁטֵיינֶער,
אוּנְד אִין דִיא שְׁפַאלְטֶען פוּן דִיא
שְׁטֵיינֶער פוּן וֶועגֶען דֶער פָארְכְט פַאר
יְהוָֹה, אוּנְד פוּן וֶועגֶען דִיא שֵׁיינְהֵייט
פוּן זַיינֶע מַאיֶעסְטֶעט, וֶוען עֶר וֶועט
אוֹיפְשְׁטֵיין דִיא עֶרְד צוּ דֶערְשְׁרֶעקֶען:
22 הֶערְט אַייךְ פוּן דֶעם מֶענְשׁ וָואס
זַיין אָטֶעם אִיז נָאר אִין זַיינֶע נָאזְ־
לֶעכֶער, וָוארִין מִיט וָואס אִיז עֶר דֶען
גֶעאַכְטֶעט?

## קאפיטעל ג

1 וָוארִין, זֶעה דֶער הַאר יְהוָֹה צְבָאוֹת
וֶועט אָפְּטְהוּן פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד פוּן
יְהוּדָה דֶעם אוּנְטֶערְלֶעהְנֶער אוּנְד דִיא
אוּנְטֶערְלֶעהְנֶערִין, אִיטְלִיכֶע אוּנְטֶערְ־
לֶעהְנוּנְג פוּן בְּרוֹיט אוּנְד אִיטְלִיכֶע
אוּנְטֶערְלֶעהְנוּנְג פוּן וַואסֶער:
2 דֶעם שְׁטַארְקֶען אוּנְד דֶעם בַּעַל
מִלְחָמָה, דֶעם שׁוֹפֵט אוּנְד דֶעם נָבִיא,
דֶעם וָואהְרְזָאגֶער אוּנְד דֶעם אַלְטֶען
מַאן:
3 דֶעם הַאר אִיבֶּער פוּפְצִיג, אוּנְד
דֶעם אָנְגֶעזֶעהֶענֶעם, דֶעם עֵצָה גֶעבֶּער
אוּנְד דֶעם קְלוּגֶען קִינְסְטְלֶער, אוּנְד
דֶעם פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶען אִין שְׁטִילֶערְהֵייט:
4 אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען יוּנְגֶען

איבער

אִבֶּער זֵייא צוּ הֶערְשֶׁען, אוּנְד קְלֵיינֶע
קִינְדֶער װעלֶען אִיבֶּער זֵייא גֶעװעלְטִיגֶען:
5 אוּנְד דָאס פָאלְק װעט זִיךְ (אַלֵיין)
אוּנְטֶערְדְרִיקֶען, אֵיינֶער מִיט דֶעם
אַנְדֶערְן, אִיטְלִיכֶער קֶעגֶען זֵיין חַבֵר,
דֶער יוּנְג װעט זִיךְ גְרוֹיס מַאכֶען אִיבֶּער
דֶעם אַלְטֶען, אוּנְד דֶער גֶעמֵיינֶער װעט
זֵיין קֶעגֶען דֶעם בְּכָבוּדֶען:
6 וָוארִין אֵיין מַאן װעט אָנְחַאפֶּען אַן
זֵיין בְּרוּדֶער, אִין דֶעם הוֹיז פוּן זֵיין
פָאטֶער, (אוּנְד עֶר װעט זָאגֶען) דוּא
הָאסְט אַ קְלֵייד, דוּא זָאלְסְט זֵיין אִיבֶּער
אוּנְס אַ הַאר, אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע
שְׁטְרוֹיכְלוּנְג זָאל זֵיין אוּנְטֶער דֵיינֶע
הַאנְד:
7 עֶר װעט אַן דֶעמְוָועלְכִיגֶען טָאג
שְׁװערֶען, אוּנְד זָאגֶען, אִיךְ וִויל נִיט
זֵיין אַ פֶערְבּוּנְדֶער (פוּן וְואוּנְדֶען),
אוּנְד אִין מֵיין הוֹיז אִיז נִיט דָא קֵיין
בְּרוֹיט אוּנְד קֵיין קְלֵייד, דוּא זָאלְסְט
מִיךְ נִיט מַאכֶען אַלְס אַ הַאר אִיבֶּער
דֶעם פָאלְק:
8 וָוארִין יְרוּשָׁלַיִם הָאט גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט,
אוּנְד יְהוּדָה אִיז גֶעפַאלֶען, וְוייל זֵיירֶע
צוּנְגֶען אוּנְד זֵיירֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען עֶנְטְ־
קֶעגֶען גָאט, צוּ וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגֶען אִין
דִיא אוֹיגֶען פוּן זֵיין כָּבוֹד:
9 דָאס אַנֶערְקֶענֶען פוּן זֵייעֶר פָּנִים
זָאגְט עֵדוּת אוֹיף זֵייא, אוּנְד זֵיירֶע
זִינְד דֶערְצֵיילֶען זֵייא וִויא סְדוֹם, זֵייא
הָאבֶּען זֵייא נִיט פֶערְמִיטֶען, אוֹי וֵויא
צוּ זֵיירֶע לֵייבֶּער! וָוארִין זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ אַלֵיין שְׁלֶעכְטֶעס פֶערְגָאלְטֶען:
10 זָאגְט צוּ דֶעם צַדִיק אַז עֶס אִיז
גוּט, וָוארִין זֵייא װעלֶען עֶסֶען דִיא
פְּרוּכְט פוּן זֵיירֶע אֵייגֶענֶע מַעֲשִׂים:
11 אוֹי וֵויא צוּ דֶעם רָשָׁע—עֶס אִיז
אִיהְם שְׁלֶעכְט, וָוארִין נָאךְ דִיא מַעֲשִׂים
פוּן זֵיינֶע הֶענְד װעט עֶס אִיהְם בֶּעצָאלְט װערֶען:
12 (וָואס אָנְבֶּעלַאנְגְט) מֵיין פָאלְק
קִינְדֶער זֶענֶען זֵיירֶע בֶּעצְווינְגֶערְס, אוּנְד
וַוייבֶּער גֶעװעלְטִיגֶען אִיבֶּער זֵייא; אוֹי
מֵיין פָאלְק, דִיא וָואס פִיהְרֶען דִיךְ
פֶערְפִיהְרֶען דִיךְ, אוּנְד דֶעם װעג פוּן
דֵיינֶע שְׁטֶעגֶען טְהוּעֶן זֵייא פֶערְדַארְבֶּען:
13 גָאט שְׁטֵייט אוֹיף צוּ דֶעם קְרִיג,
אוּנְד עֶר שְׁטֵייט צוּ מִשְׁפָּטֶען דִיא
פֶעלְקֶער:
14 גָאט װעט קוּמֶען צוּם מִשְׁפָּט מִיט
דִיא זְקֵנִים פוּן זֵיין פָאלְק, אוּנְד מִיט
זֵיינֶע פִירְשְׁטֶען, וְוייל אִיהְר הָאט אוֹיסְ־
גֶערוֹימְט דֶעם ווֵיינְגָארְטֶען, דִיא גְזֵלָה
פוּן דֶעם אָרֶעמֶען אִיז אִין אֵיירֶע
הֵייזֶער:
15 וָואס מֵיינְט אִיהְר דַאמִיט אַז
אִיהְר צוּשְׁטוֹיסְט מֵיין פָאלְק, אוּנְד
אִיהְר טְהוּט צוּמָאלֶען דָאס פָּנִים פוּן
דִיא אָרֶעמֶע לֵייט? זָאגְט דֶער הַאר
יְהוָֹה צְבָאוֹת:
16 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, וְוייל
דִיא טֶעכְטֶער פוּן צִיוֹן זֶענֶען הָאפֶערְדִיג,
אוּנְד זֵייא גֵייעֶן אַרוּם מִיט אוֹיסְגֶע־
שְׁטְרֶעקְטֶע הֶעלְזֶער, אוּנְד וְואוּנְקֶען
מִיט זֵיירֶע אוֹיגֶען, אוּנְד גֵייעֶן אַהִין
אוּנְד אַהֶער, וִויא אַ טַאנְצֶער, אוּנְד
קְלִינְגֶען (אָדֶער קְלַאפֶּען) מִיט זֵיירֶע
פִּיס וָוען זֵייא גֵייעֶן:
17 אוּנְד דֶער הַאר (גָאט) װעט מַאכֶען
קָאהְל דֶעם קָאפְּשֵׁייטֶעל פוּן דִיא
טֶעכְטֶער פוּן צִיוֹן, אוּנְד גָאט װעט
אוֹיפְדֶעקֶען זֵיירֶע שַׁאנְד:
18 אִין דֶעמְוָועלְכִיגֶען טָאג װעט גָאט
אָפְּטְהוּן דִיא שֵׁיינְהֵייט פוּן זֵיירֶע

גֶעצִיעֶרְטֶע שׁוּךְ, אוּנְד זֵייעֶרֶע הוֹיבֶּען,
אוּנְד דִיא שְׁטֶערְן־בֶּענְדֶער־(הַאלְבֶּע
לְבָנוֹת) :
19 דִיא פֶּערֶעל־שְׁנִירֶעלֶעךְ, אוּנְד דִיא
אָרֶעמְבֶּענְדְלֶעךְ, אוּנְד דִיא הוֹיבֶּען־
שְׁלֵייעֶרְס :
20 דִיא קָאפּ קְרוֹיגֶען, אוּנְד דִיא
קְנִיבֶּענְדְלֶעךְ, אוּנְד דִיא שְׁנִירְלֶעךְ,
אוּנְד דִיא שְׁמֶעק פְלֶעשְׁלֶעךְ, אוּנְד דִיא
קַמֵעוֹת :
21 דִיא פִינְגֶערְרִינְגְלֶעךְ אוּנְד דִיא
נָאזְרִינְגֶען :
22 דִיא פְּרַאכְטקְלֵיידֶער אוּנְד דִיא
מַאנְטֶעלֶן, אוּנְד דִיא שַׁאלֶען אוּנְד דִיא
טִיכְלֶעךְ :
23 דִיא שְׁפִּיגֶעלֶן, אוּנְד דִיא לֵיילֶעכֶער,
אוּנְד דִיא הוֹיבֶּען, אוּנְד דִיא שְׁלֵייעֶר :
24 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַנְשְׁטָאט
בְּשָׂמִים אַ גֶעשְׁטַאנְק, אוּנְד אַנְשְׁטָאט
אַ גַארְטֶעל וֶועט זַיין אַ שְׁטְרִיק, אוּנְד
אַנְשְׁטָאט קִינְסְטלִיכֶע הָארפְלֶעכְטלֶעךְ
וֶועט זַיין אַ קָאהלֶער פְלֶעק, אוּנְד
אַנְשְׁטָאט אַ בְּרֵייטֶען מַאנְטֶעל וֶועט
זַיין אַן אָנְגַארְטֶלוּנְג פוּן אַ זַאק, אַ
שַׁאנְד פְלֶעק אַנְשְׁטָאט שֵׁיינְהַייט :
25 דַיינֶע מֶענֶער וֶועלֶען פַאלֶען דוּרְךְ
דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד דַיינֶע גִבּוֹרִים אִין
דֶער מִלְחָמָה :
26 אוּנְד אִיהְרֶע טוֹירֶען וֶועלֶען קְלָאגֶען
אוּנְד טְרוֹיעֶרְן, אוּנְד זִיא וֶועט אוֹיס־
גֶעלֵיידִיגְט זִיצֶען אוֹיף דֶער עֶרְד :

## קאפּיטעל ד

1 אוּנְד אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועלֶען
זִיבֶּען ווַייבֶּער אָנְהַאפֶּען אַן אֵיין מַאן,
אוּנְד זָאגֶען, מִיר וֶועלֶען עֶסֶען אוּנְזֶער
(אֵייגֶען) בְּרוֹיט, אוּנְד מִיר וֶועלֶען זִיךְ
אַליין קְלֵיידֶען, נָאר לָאז אוּנְס אוֹיף
דַיין נָאמֶען גֶערוּפֶען וֶוערֶען, אוּנְזֶערֶע
חֶרְפָּה אַוֶועקְצוּנֶעמֶען :
2 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועט זַיין
דִיא שְׁפְּרָאצוּנְג פוּן גָאט צוּ שֵׁיינְקַייט
אוּנְד צוּ כָּבוֹד, אוּנְד דִיא פֵּירוֹת פוּן
דֶער עֶרְד וֶועלֶען זַיין צוּ גְרוֹיסְקַייט
אוּנְד שֵׁיינְהַייט צוּ דִיא עַנְטְרִינֶענֶע פוּן
יִשְׂרָאֵל :
3 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז דֶער וָואס
וֶועט אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען אִין צִיוֹן, אוּנְד
דֶער וָואס וֶועט אִיבֶּערבְּלֵייבֶּען אִין
יְרוּשָׁלַיִם וֶועט אָנְגֶערוּפֶען וֶוערֶען אַ
הֵיילִיגֶער, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז אָנְגֶע־
שְׁרִיבֶּען צוּ דֶעם לֶעבֶּען אִין יְרוּשָׁלַיִם :
4 וֶוען דֶער הַאר (גָאט) וֶועט הָאבֶּען
אָפְּגֶעוַואשֶׁען דִיא (צוֹאָה) אוּמְרֵיינִיגְקַייט
פוּן דֶער טָאכְטֶער צִיוֹן, אוּנְד דִיא
בְּלוּטשׁוּלְדִיגְקַייט פוּן יְרוּשָׁלַיִם פוּן
צְווִישֶׁען אִיהר אָפּשְׁוֶוענְקֶען, דוּרְךְ דֶעם
גֵייסְט פוּן מִשְׁפָּט, אוּנְד דוּרְךְ דֶעם
גֵייסְט פוּן בְּרֶענוּנְג :
5 אוּנְד גָאט וֶועט בֶּעשַׁאפֶען אִין דִיא
גַאנְצֶע אָנְבְּרֵייטוּנְג אוֹיף דֶעם בַּארְג
צִיוֹן, אוּנְד אוֹיף אַלֶע אִיהְרֶע פֶערְ־
זַאמְלוּנְגֶען אַ וָואלְקֶען בֵּייא טָאג, אוּנְד
אַ רוֹיךְ אוּנְד אַ שֵׁיינֶענְדִיגֶע פֵייעֶר
פְלַאם בֵּייא נַאכְט, וָוארִין אִיבֶּער דֶעם
גַאנְצֶען כָּבוֹד וֶועט זַיין אַ בֶּעדֶעקוּנְג
(אַ חֻפָּה) :
6 אוּנְד אַ סֻכָּה וֶועט זַיין אַלְס אַ
שָׁאטֶען בֵּייא טָאג פַאר דִיא הִיץ,
אוּנְד פַאר אַ בֶּעשִׁיצוּנְג אוּנְד אַ בֶּע־
הַאלְטוּנְג פוּן דֶעם שְׁטוּרְם אוּנְד פַאר
דֶעם רֶעגֶען :

## קאפּיטעל ה

1 אִיךְ וֶועל נוּן זִינְגֶען צוּ מֵיין גֶע־
לִיבְּטֶען פְרֵיינְד דֶעם גֶעזַאנְג פוּן מֵיין

גֶעלִיבְּטֶען פוּן וֶועגֶען זֵיין ווייִנגָארְטֶען,—
מֵיין פְרֵיינְד הָאט גֶעהַאט אַ ווייִנְגָארְטֶען
אוֹיף אַ פֶעטֶען בַּארְג:
2 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַרוּמְגֶעצוֹימְט,
אוּנְד אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁטֵיינִיגְט, אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם בֶּעפְּלַאנְצְט מִיט דִיא
בֶּעסְטֶע ווייִנְצְווייגֶען, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעבּוֹיט אַ טְהוּרְם אִין דֶער מִיטֶען,
אוּנְד אוֹיךְ (אַ קֶעלְטֶער) אַ ווייִן פְּרֶעס
הָאט עֶר אִין אִיהְם אוֹיסְגֶעהַאקְט, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעהָאפְט אַז עֶר זָאל הָאבֶּען
גוּטֶע ווייִנְטְרוֹיבֶּען, אָבֶּער עֶר הָאט
גֶעטְרָאגֶען שְׁלֶעכְטֶע (ווִילְדֶע) ווייִנ־
טְרוֹיבֶּען:
3 אוּנְד אַצוּנְד, אִיהְר בֶּעווְאוֹינֶער פוּן
יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד מֶענֶער פוּן יְהוּדָה,
מִשְׁפָּט אִיהְר דָאךְ צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד
צְווִישֶׁען מֵיין ווייִנגָארְטֶען:
4 וָואס קֶען נָאךְ מֶעהְר גֶעטְהוּן וֶוערֶען
צוּ מֵיין ווייִנגָארְטֶען דָאס אִיךְ הָאבּ
נִיט אַן אִיהְם גֶעטְהוּן, פַאר וָואס, וֶוען
אִיךְ הָאבּ גֶעהָאפְט אַז עֶר זָאל מַאכֶען
וַואקְסֶען ווייִנְטְרוֹיבֶּען אַזוֹי הָאט עֶר
גֶעטְרָאגֶען שְׁלֶעכְטֶע (ווִילְדֶע) ווייִנ־
טְרוֹיבֶּען?—
5 אוּנְד אַצוּנְד, וֶועל אִיךְ עֶס אֵייךְ
דָאךְ ווִיסֶען לָאזֶען וָואס אִיךְ וֶועל טְהוּן
צוּ מֵיין ווייִנגָארְטֶען;—אִיךְ וֶועל אַוֶועקְ־
נֶעמֶען זֵיינֶע מוֹיעֶר, אוּנְד עֶר וֶועט
זֵיין אוֹיפְצוּעֶסֶען, אוּנְד אָפּבְּרֶעכֶען זֵיין
צוֹים, אוּנְד עֶר וֶועט צוּטְרֶעטֶען וֶוערֶען:
6 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם ווִיסְט מַאכֶען,
עֶר וֶועט נִיט בֶּעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען אוּנְד
נִיט גֶעגְרָאבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד עֶס וֶועט
אִין אִיהְם אוֹיפְגֵיין דֶערְנֶער אוּנְד עֶר
וֶועט זֵיין ווִיסְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיךְ
גֶעבּיטֶען אַז דִיא וָואלְקֶען זָאלֶען נִיט
אוֹיף אִיהְם רֶעגְנֶען:
7 וָוארִין דֶער ווייִנגָארְטֶען פוּן יְהוָֹה
צְבָאוֹת אִיז דָאס הויז פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
דִיא מֶענֶער פוּן יְהוּדָה וֶוענֶען זֵיינֶע
לִיבְּלִיכֶע פְלַאנְצוּנְגֶען; עֶר הָאט גֶע־
הָאפְט אוֹיף מִשְׁפָּט, אוּנְד זֶעה, אַזוֹי
וַואר עֶס אוּנְטֶערְדְרִיקוּנְג, אוֹיף גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד זֶעה, אַזוֹי וַואר עֶס
אַ גֶעשְׁרֵייא:
8 אוֹי ווֵייא! צוּ דִיא וָואס גְרֵייכֶען
אֵיין הויז צוּ דֶעם אַנְדֶערְן הויז, אוּנְד
וָואס גֶענֶעהֶנֶען אֵיין פֶעלְד צוּ דֶעם
אַנְדֶערְן פֶעלְד בִּיז עֶס אִיז נִיט מֶעהְר
דָא אַ פְּלַאץ, אוּנְד אִיהְר טְהוּט אַלֵיין
ווְאוֹינֶען אִין מִיטֶען פוּן דֶעם לַאנְד:
9 אִין מֵיינֶע אוֹירֶען (הָאט) יְהוָֹה צְבָאוֹת
(גֶערֶעט), אוֹיבּ עֶס וֶועלֶען נִיט זֵילֶע
הֵייזֶער פֶערְווִיסְט וֶוערֶען, (זַאגַאר)
גְרוֹיסֶע אוּנְד גוּטֶע אָהְנֶע אֵיינְווְאוֹינֶער:
10 וָוארִין צֶעהְן אַקֶער ווייִנְגָארְטֶען
וֶועט נִיט מֶעהְר מַאכֶען ווִיא אֵיין בַּת
(ווייִן), אוּנְד אֵיין חוֹמֶר זָאמֶען וֶועט
נִיט מֶעהְר מַאכֶען ווִיא אֵיין אֵיפָה:
11 אוֹי ווֵייא! צוּ דִיא וָואס שְׁטֵייעֶן
אוֹיף אִין דֶער פְרִיה, אַז זֵייא זָאלֶען
קֶענֶען נָעכְיָאגֶען שְׁטַארְקֶע גֶעטְרֶענְקֶע;
אוּנְד פֶערְזוֹימֶען זִיךְ בִּיז אִין דִיא
פִינְסְטֶערֶע נַאכְט בִּיז דֶער ווייִן בְּרֶענְט
זֵייא אָן:
12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דִיא הַארְף אוּנְד
דִיא פִידֶעל, אוּנְד דִיא פּוֹיק אוּנְד
פֵייפֶעל אוּנְד ווייִן אִין זֵייעֶרֶע מָאלְצֵייטֶען,
אָבֶּער אוֹיף דִיא וֶוערְק פוּן גָאט קוּקֶען
זֵייא נִיט, אוּנְד אוֹיף דִיא מַעֲשִׂים פוּן
זֵיינֶע הֶענְד ווִילֶען זֵייא נִיט זֶעהֶען:
13 דַארִיבֶּער אִיז מֵיין פָאלְק פֶערְ־
טְרִיבֶּען גֶעווָארֶען (אִין גָלוּת), ווייל

זַייא הָאבֶּען נִיט קֵיין פֶערְשְׁטאַנְד, אוּנְד
זַייעֶרֶע בִּכְבוֹדסְטֶע לֵייטֶע וֶועלֶען שְׁטַארְ־
בֶּען פַאר הוּנְגֶער, אוּנְד זַיין גֶעמֵיינֶעס
פָאלְק וֶועט פֶערְשְׁמַאכְטֶען פַאר
דוּרְשְׁט:
14 דַארִיבֶּער הָאט זִיךְ דָאס גֵיהִנָּם
אַלֵיין דֶערְבְּרֵייטֶערְט, אוּנְד אִיהְר מוֹיל
אוֹיפְגֶעמַאכְט אָהְן אַ מָאס, אוּנְד עֶס
וֶועט אִין אִיהְר אַרוּפְּנִידֶערְן אִיהְרֶע
שֵׁיינְקַייט, אוּנְד דָאס גֶעמֵיינֶע פָאלְק,
אוּנְד דִיא וָואס פְרֵייעֶן זִיךְ אִין אִיהְר:
15 אוּנְד דֶער גֶעמֵיינֶער מֶענְשׁ וֶועט
אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען וֶוערֶען, אוּנְד דֶער
מֶעכְטִיגֶער מֶענְשׁ וֶועט גֶערֶעמִיטִיגְט
וֶוערֶען, אוּנְד דִיא שְׁטָאלְצֶע אוֹיגֶען
וֶועלֶען גֶענִידֶערְט וֶוערֶען:
16 אָבֶּער יְהֹוָה צְבָאוֹת וֶועט דֶערְ־
הֵייבְט וֶוערֶען אִין דֶעם מִשְׁפָּט, אוּנְד
דֶער הֵיילִיגֶער גָאט וֶועט גֶעהֵיילִיגְט
וֶוערֶען אִין דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט:
17 דַאמָאלְס וֶועלֶען זִיךְ דִיא שָׁאף
פַּאשֶׁען נָאךְ זֵייעֶר שְׁטֵייגֶער, אוּנְד
פְרֶעמְדֶע וֶועלֶען פֶערְוִויסְטֶען אוּנְד
אוֹיפְעֶסֶען דִיא פֶעטִיגְקֵייט:
18 אוֹי וֵוייא! צוּ דִיא וָואס צִיהֶען
אוֹיף זִיךְ דִיא אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט מִיט
שְׁטְרִיק דֶער פַאלְשְׁהֵייט, אוּנְד מִיט
גְרָאבֶּע וָואגֶען־שְׁטְרִיק דִיא זִינְד:
19 וָואס זָאגֶען, לָאז עֶר זִיךְ גֶעשְׁוִוינְד
אֵיילֶען, אַז זַיינֶע מַעֲשִׂים זָאלֶען גֶעזֶע־
הֶען וֶוערֶען, אוּנְד לָאז גֶענֶעהֶנֶען אוּנְד
אָנְקוּמֶען דִיא עֵצָה פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען
פוּן יִשְׂרָאֵל, אַז מִיר זָאלֶען עֶס וִויסֶען!
20 אוֹי וֵוייא! צוּ דִיא וָואס זָאגֶען צוּ
שְׁלֶעכְט אַז עֶס אִיז גוּט, אוּנְד צוּ גוּט
שְׁלֶעכְט; וָואס מַאכֶען פִינְסְטֶערְנִיס
פַאר לִיכְט, אוּנְד לִיכְט צוּ פִינְסְטֶערְנִיס;

וָואס מַאכֶען בִּיטֶער פַאר זִיס, אוּנְד
זִיסְקֵייט פַאר בִּיטֶער!
21 אוֹי וֵוייא! צוּ דִיא וָואס זֶענֶען
חֲכָמִים אִין זַייעֶרֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען,
אוּנְד זֶענֶען פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט פֶערְ־
שְׁטֶענְדִיגֶע!
22 אוֹי וֵוייא! צוּ דִיא וָואס זֶענֶען שְׁטַארְק
וַויין צוּ טְרִינְקֶען, אוּנְד שְׁטַארְקֶע חַיִל'ס
לֵייט אַלְטֶען וַויין אוֹיסְצוּמִישֶׁען:
23 וָואס מַאכֶען גֶערֶעכְט דֶעם רָשָׁע
וֶועגֶען שׁוֹחַד, אוּנְד דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
פוּן דִיא צַדִיקִים קֶעהְרֶען זֵייא פוּן
אִיהְם אָפּ:
24 דַארִיבֶּער, אַזוֹי וִויא דִיא צוּנְג פוּן
פֵייעֶר פֶערְבְּרֶענְט דָאס שְׁטְרוֹי, אוּנְד
דִיא פֵייעֶר פְלַאם דָאס הֵייא, אַזוֹי וֶועט
זַייעֶרֶע ווָארְצֶעל פֶערְפוֹילְט וֶוערֶען,
אוּנְד זַייעֶרֶע בְּלִיהְם וֶועט אוֹיפְגֵיין וִויא
שְׁטוֹיבּ, וַוייל זֵייא הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען
דִיא תּוֹרָה פוּן יְהֹוָה צְבָאוֹת, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען
אִין יִשְׂרָאֵל פֶערְאַכְטֶעט:
25 דַארִיבֶּער הָאט זִיךְ דֶער גְרִימְצָארְן
פוּן יְהֹוָה דֶערְגְרִימְט אִיבֶּער זַיין פָאלְק,
אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זַיינֶע
הַאנְד קֶעגֶען זֵייא, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד דִיא בֶּערְג הָאבֶּען
גֶעצִיטֶערְט, אוּנְד זֵייעֶר טוֹיטֶער גוּף
אִיז גֶעוָוארֶען וִויא מִיסְט אִין מִיטֶען
גַאס; פוּן וֶועגֶען דֶעם אַלֶעם הָאט זִיךְ
זַיין צָארְן נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זַיינֶע
הַאנְד אִיז נָאךְ אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט:
26 אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיפְהֵייבֶּען אַ
פָאהֶען פַאר דִיא פֶעלְקֶער פוּן וַוייטֶען,
אוּנְד עֶר וֶועט צוּ זֵייא פֵייפֶען פוּן דֶעם
עֶנְד פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד זֶעה, זֵייא
וֶועלֶען בַּאלְד גֶעשְׁוִוינְד אָנְקוּמֶען:



קיינער

27 קֵיינֶער פוּן זֵייא וָועט נִיט זַיין מִיד, אוּנְד קֵיין שְׁטְרוֹיכְלֶער; קֵיינֶער וָועט שְׁלֶעפֶּערִיג זַיין אוּנְד נִיט שְׁלָאפֶען; אוּנְד דֶער גַארְטֶעל פוּן זֵייעֶרֶע לֶענְדֶען וָועט נִיט לוֹיז זַיין, אוּנְד דִיא רִימֶען פוּן זֵייעֶרֶע שִׁיךְ וָועלֶען נִיט צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען:

28 וָואס זֵייעֶרֶע פַיילֶען זֶענֶען שַׁארְף, אוּנְד אַלֶע זֵייעֶרֶע בּוֹיגֶענְס זֶענֶען גֶעשְׁפַּאנְט, דִיא קְלָוֶוען פוּן זֵייעֶרֶע פֶערְד וָועלֶען גֶערֶעכֶענְט זַיין אַזוֹי וִויא אַ פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין, אוּנְד דִיא (רֵייט וֶועגֶען) רֶעדֶער וִויא אַ שְׁטוּרֶעמְווִינְד:

29 זֵייעֶר גֶעשְׁרֵייא וָועט זַיין אַזוֹי וִויא פוּן אַ לֵייבּ, אוּנְד וִויא דָאס גֶעשְׁרֵייא פוּן יוּנְגֶע לֵייבֶּען, אוּנְד עֶר וָועט בְּרוּמֶען אוּנְד אָנְחַאפֶּען דִיא פֶערְצִיקוּנְג, אוּנְד עֶר וָועט עֶס זִיכֶער אַוֶועקְטְרָאגֶען, אוּנְד קֵיינֶער וָועט עֶס נִיט (קֶענֶען) מַצִיל זַיין:

30 אוּנְד אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וָועט עֶר קֶעגֶען אִיהְם בְּרוּמֶען אַזוֹי וִויא דָאס בְּרוּמֶען (שְׁטוּרְמֶען) פוּן דֶעם יַם, אוּנְד אַזוֹי וִויא אֵיינֶער קוּקְט אוֹיף דֶעם לַאנְד, אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז פִינְסְטֶער אוּנְד צָרוֹת, אוּנְד דָאס לִיכְט אִיז פֶערְפִינְסְטֶערְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם הִימֶעל־וָואלְקֶען:

## קאפיטעל ו

1 אִין דֶעם יָאהְר וֶוען דֶער מֶלֶךְ עֻזִיָהוּ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אַז דֶער הַאר אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף אַ הוֹיכֶען אוּנְד דֶערְהוֹיבֶּענֶעם שְׁטוּהְל, אוּנְד זֵיינֶע פִּיס הָאבֶּען דֶערְפִילְט דָאס הֵיכָל:

2 פוּן אוֹיבֶּען זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען דִיא שְׂרָפִים, אִיטְלִיכֶער פוּן זֵייא הָאט גֶעהַאט זֶעקְס פְלִיגֶעל, מִיט צְוֵוייא הָאט עֶר בֶּעדֶעקְט זַיין פָּנִים, אוּנְד מִיט צְוֵוייא הָאט עֶר בֶּעדֶעקְט זֵיינֶע פִּיס, אוּנְד מִיט צְוֵוייא אִיז עֶר גֶעפְלוֹיגֶען:

3 אוּנְד אֵיינֶער הָאט צוּ דֶעם אַנְדֶערְן גֶערוּפֶען אוּנְד גֶעזָאגְט:־הֵיילִיג! הֵיילִיג! הֵיילִיג! אִיז יְהוָֹה צְבָאוֹת, דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז פוּל מִיט זַיין כָּבוֹד:

4 אוּנְד דִיא שְׁוֶועלֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעשָׁאקֶעלְט פוּן וֶועגֶען דֶעם קוֹל פוּן דֶעם וָואס הָאט גֶערוּפֶען, אוּנְד דָאס הוֹיז אִיז גֶעוֶועזֶען פוּל מִיט רוֹיךְ:

5 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אוֹי וֵוייא אִיז מִיר! וָוארִין אִיךְ בִּין פֶערְשְׁטוּמְט, ווייל אִיךְ בִּין אַ מַאן פוּן אוּמְרֵיינֶע לִיפֶּען, אוּנְד וְואוֹין צְוִוישֶׁען אַ פָאלְק פוּן אוּמְרֵיינֶע לִיפֶּען, וָוארִין מֵיינֶע אוֹיגֶען הַאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם יְהוָֹה צְבָאוֹת:

6 אַזוֹי אִיז אֵיינֶער פוּן דִיא שְׂרָפִים צוּ מִיר צוּגֶעפְלוֹיגֶען, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין זֵיינֶער הַאנְד אַ בְּרֶענֶענְדִיגֶע קוֹיל, וָואס עֶר הָאט אַרוּפְּגֶענוּמֶען מִיט אַ צְוַואנְג פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ:

7 אוּנְד עֶר הָאט מִיט דֶעם אָנְגֶעריהְרְט מֵיין מוֹיל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, דָאס הָאט דֵיינֶע לִיפֶּען אָנְגֶעריהְרְט, אוּנְד דֵיינֶע אוּנְגֶערֶעכְטִגְקֵייט אִיז אָפְּגֶעטְהוּן, אוּנְד דֵיינֶע זִינְד אִיז פֶערְגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען:

8 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן גָאט זָאגֶען, וֶועמֶען זָאל אִיךְ שִׁיקֶען אוּנְד וֶוער ווִיל פַאר אוּנְס גֵיין? אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט. הִיעֶר בִּין אִיךְ, שִׁיק מִיךְ:

9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען

פָאלְק, אִיהְר וֶועט עֶס גֶעווִיס הֶערֶען אָבֶּער אִיהְר וֶועט עֶס נִיט פֶערְשְׁטֵיין; אִיהְר וֶועט עֶס גֶעווִיס זֶעהֶען אָבֶּער אִיהְר וֶועט עֶס נִיט ווִיסֶען:

10 דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק מַאכְט זִיךְ פֶעט דָאס הַארְץ, אוּנְד זַייְרֶע אוֹיְרֶען שְׁוֶועהְר (טויב), אוּנְד זַייְרֶע אוֹיגֶען טוּנְקֶעל, טָאמֶער וֶועלֶען זַייא זֶעהֶען מִיט זַייְרֶע אוֹיגֶען אוּנְד הֶערֶען מִיט זַייְרֶע אוֹיְרֶען, אוּנְד פֶערְשְׁטֵיין מִיט זַייְעֶר הַארְץ, אוּנְד תְּשׁוּבָה טְהוּן, אוּנְד זַייא וֶועלֶען גֶעהֵיילְט וֶוערֶען:

11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אָ מֵיין הַאר, בִּיז ווִיא לַאנְג? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בִּיז דִיא שְׁטֶעט וֶועלֶען פֶערְווִיסְט וֶוערֶען אָהְן אֵיינְווָאוינֶער, אוּנְד דִיא הֵייזֶער אָהְן מֶענְשֶׁען, אוּנְד דָאס לַאנְד וֶועט אִים גַאנְצֶען פֶערְווִיסְט זַיין:

12 אוּנְד גָאט וֶועט דֶערְווַייטֶערְן דִיא מֶענְשֶׁען, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַ גְרוֹיסֶע פֶערלָאזוּנְג אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם לַאנְד:

13 אָבֶּער עֶס וֶועט נָאךְ אִין אִיהְר אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען אַ צֶעהְנְטֶעל, אוּנְד עֶס וֶועט אוּמְקֶעהְרֶען, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין צוּ אֵיין אוֹיסְרֵיימוּנְג, אַזוֹי ווִיא אַ לִינְדֶען־בּוֹים, אוּנְד ווִיא אֵיין אֵייכֶען־בּוֹים וֶוען זַייא וַוארְפֶען אָפּ (דִיא בְּלֶעטֶער) בְּלֵייבְּט נוּר אִין זַייא דֶער בֶּעשְׁטַאנְד, אַזוֹי וֶועט אִין זַייא בֶּעשְׁטֵיין בְּלֵייבֶּען אַ הֵיילִיגֶער זָאמֶען:

## קאפיטעל ז

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא טֶעג פוּן אָחָז בֶּן יוֹתָם, בֶּן עֻזִיָּהוּ, דֶעם מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה אִיז רְצִין מֶלֶךְ פוּן אֲרָם אוּנְד פֶּקַח בֶּן רְמַלְיָהוּ מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם קֶעגֶען אִיהְר מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט קֶעגֶען אִיהְר מִלְחָמָה הַאלְטֶען:

2 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דָוִד, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אֲרָם הָאט זִיךְ מְחַבֵּר גֶעוֶועזֶען מִיט אֶפְרַיִם, אַזוֹי הָאט זַיין הַארְץ אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן דֶעם פָאלְק גֶעצִיטֶערְט, אַזוֹי ווִיא דִיא בֵּיימֶער פוּן דֶעם וַואלְד צִיטֶערְן וֶועגֶען דֶעם ווִינְד:

3 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְשַׁעְיָהוּ, גֵייא דָאךְ אַרוֹיס עֶנְטְקֶעגֶען אָחָז, דוּא אוּנְד דֵיין זוּהְן שְׁאָר יָשׁוּב, אַן דֶעם עֶק פוּן דֶעם גְרוּבֶּען בֵּייא דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען בְּרוּנֶען, אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶעם וַואשֶׁער פֶעלְד:

4 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהְם זָאגֶען, הִיט דִיךְ אוּנְד זַייא שְׁטִיל, דוּא זָאלְסְט קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען, אוּנְד לָאז דֵיין הַארְץ נִיט ווַייךְ וֶוערֶען וֶועגֶען דִיא דָאזִיגֶע צְווֵייא שְׁוֶוענְץ וָואס רֵייכֶערְן, וֶועגֶען דֶעם גְרִימְצָארְן פוּן רְצִין, אוּנְד וֶועגֶען אֲרָם אוּנְד דֶעם זוּהְן פוּן רְמַלְיָהוּ:

5 ווַייל אֲרָם, אֶפְרַיִם אוּנְד דֶער זוּהְן פוּן רְמַלְיָהוּ הָאבֶּען קֶעגֶען דִיר אַ שְׁלֶעכְטֶע עֵצָה גֶעהַאלְטֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

6 לָאמֶער אַרוֹיפְגֵיין קֶעגֶען יְהוּדָה, אוּנְד מִיר וֶועלֶען זַייא דֶערְוֶועקֶען אוּנְד מַאכֶען אַ שְׁפַּאלְטוּנְג פַאר אוּנְס, אוּנְד אַ מֶלֶךְ אִין אִיהְר מִיטֶע אוֹיפְשְׁטֶעלֶען — דֶעם זוּהְן פוּן טָבְאַל:

7 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, עֶס זָאל נִיט בֶּעשְׁטֵיין, אוּנְד עֶס זָאל נִיט זַיין:

8 וָוארִין דֶער קָאפּ פוּן אֲרָם אִיז דַמֶּשֶׂק, אוּנְד דֶער קָאפּ פוּן דַמֶּשֶׂק אִיז

רְצִין—וָארִין נָאךְ אִין פִינְף אוּנְד זֶעכְצִיג
יָאהְר וֶועט אֶפְרַיִם צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען
פוּן צוּ זַיין אַ פָאלְק׃
9 אוּנְד דֶער קָאפּ פוּן אֶפְרַיִם אִיז
שֹׁמְרוֹן; אוּנְד דֶער קָאפּ פוּן שֹׁמְרוֹן
אִיז דֶער זוּהְן פוּן רְמַלְיָהוּ; אוּנְד אוֹיב
אִיהְר וֶועט נִיט וֶועלֶען גְלַייבֶּען
אַזוֹי וֶועט אִיהְר נִיט בֶּעשְׁטֵיין קֶענֶען׃
10 אוּנְד יְהֹוָה הָאט נָאךְ אַ מָאל
גֶערֶעט צוּ אָחָז אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
11 בֶּעט פַאר דִיר אַלֵיין אַ צֵייכֶען
פוּן יְהֹוָה דֵיין גָאט (בֶּעט עֶס) פוּן
דֶער טִיפֶענִיס אָדֶער פוּן דֶער הֵייךְ
פוּן אוֹיבֶּען׃
12 אָבֶּער אָחָז הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ
וֶועל נִיט בֶּעטֶען אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט
גָאט פְּרִיפֶען׃
13 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הֶערְט
דָאךְ צוּ, אִיהְר הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דָוִד;
אִיז עֶס דֶען וֶוענִיג פוּן אַייךְ דָאס
אִיהְר מַאכְט מִיד מֶענְשֶׁען, דָאס אִיהְר
ווילְט נָאךְ מֵיין גָאט אוֹיךְ מִיד מַאכֶען?
14 דַארוּם וֶועט אֵיךְ גָאט אַלֵיין גֶע־
בֶּען אַ צֵייכֶען,—זֶעה, דִיא יוּנְגְפְרוֹיא
וֶועט טְרָאגֶעדִיג וֶוערֶען, אוּנְד זִיא וֶועט
גֶעווינֶע אַ זוּהְן, אוּנְד זִיא וֶועט זַיין
נָאמֶען רוּפֶען עִמָּנוּ־אֵל
15 עֶר וֶועט עֶסֶען פּוּטֶער אוּנְד הָאנִיג
בִּיז עֶר וֶועט וִויסֶען דָאס בֵּייזֶע צוּ
פֶערְוַוארְפֶען אוּנְד דָאס גוּטֶע אוֹיסְ־
צוּדֶערְוֶוילֶען
17 וָוארִין בִּיז דֶער יוּנְג וֶועט וִויסֶען
דָאס בֵּייזֶע צוּ פֶערְוַוארְפֶען אוּנְד אוֹיסְ־
צוּדֶערְוֶוילֶען דָאס גוּטֶע וֶועט דָאס
לַאנְד זַיין פֶערְלָאזֶען פוּן דִיא צְוֵוייא
מְלָכִים פַאר וֶועלְכֶע דוּא שְׁרֶעקְסְט
דִיךְ׃
17 אוּנְד גָאט וֶועט בְּרֶענְגֶען אִיבֶּער
דִיר אוּנְד אִיבֶּער דֵיין פָאלְק, אוּנְד
אִיבֶּער דֵיין פָאטֶער'ס הוֹיז אַזָאלְכֶע טֶעג
וָואס זֶענֶען נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען פוּן
דֶעם טָאג אָן דָאס אֶפְרַיִם הָאט זִיךְ
אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן יְהוּדָה,—דוּרְךְ דֶעם
מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר׃
18 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְזֶעלְ־
בִּיגֶען טָאג אַזוֹי וֶועט גָאט פַייפֶען צוּ
דֶער פְלִיג וָואס אִיז אִין דֶעם עֶק פוּן
דֶעם טַייךְ מִצְרַיִם, אוּנְד צוּ דֶער בִּיהְן
וָואס אִיז אִין דֶעם לַאנְד פוּן אַשּׁוּר׃
20 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען קוּמֶען אוּנְד
זֵייא וֶועלֶען זִיךְ אַלֶע לַאגֶערְן אִין דִיא
וִויסְטֶע טֶעלֶער, אוּנְד אִין דִיא שְׁפַּאלְ־
טֶען פוּן דִיא פֶעלְזֶען, אוּנְד אִין אַלֶע
עֶרְטֶער אַווָאוּ דִיא דֶערְנֶער וַואקְסֶען,
אוּנְד אוּנְטֶער אַלֶע גְרִינֶע פְּלֶעצֶער׃
20 אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועט דֶער
הַאר אָפְּגָאלֶען מִיט אַ גֶעדִינְגֶענֶעם
גָאלְמֶעסֶער, וָואס אִיז אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע
זַייט פוּן דֶעם טַייךְ,—דוּרְךְ דֶעם מֶלֶךְ
פוּן אַשּׁוּר, דֶעם קָאפּ, אוּנְד דִיא הָאר
פוּן דִיא פִּיס, אוּנְד אוֹיךְ דֶעם בָּארְט
וֶועט עֶר פֶערְנִיכְטֶען׃
21 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְזֶעלְ־
בִּיגֶען טָאג אַ מַאן וֶועט זִיךְ דֶערְנֶעהְרֶען
פוּן אֵיין יוּנְג רִינְד אוּנְד צְוֵוייא שָׁאף׃
22 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין ווייל זֵייא
וֶועלֶען מַאכֶען פִיל מִילְךְ אַזוֹי וֶועט
עֶר עֶסֶען פּוּטֶער, וָוארִין אִיטְלִיכֶער
וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶעם
לַאנְד וֶועט עֶסֶען פּוּטֶער אוּנְד הָאנִיג׃
23 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְזֶעלְ־
בִּיגֶען טָאג, דָאס עֶס וֶועט זַיין אוֹיף
אִיטְלִיכֶען אָרְט אַווָאוּ עֶס אִיז דָארְטֶען
גֶעוֶועזֶען אַ טוֹיזֶענְד ווינְשְׁטֶעקֶער פַאר

אַ טויזֶענְד שְׁטִיק זִילְבֶּער (דָארְט)
וֶועלֶען זַיין דֶערְנֶער דִיסְטֶעלְן׃
24 מִיט פֵיילֶען אוּנְד מִיט בּויגֶען
וֶועט אִיהְר מוּזֶען דָארְט אַהִינְקוּמֶען,
ווייל דָאס גַאנְצֶע לַאנְד וֶועט זַיין פוּל
מִיט דֶערְנֶער אוּנְד דִיסְטֶעלְן׃
25 אוּנְד אַלֶע בֶּערְג וָואס מֶען הָאט
פְרִיהֶער אויסְגֶעגְרוּבֶּען, דָארְט וֶועט
קֵיינֶע שׁויפֶעל אַהִינְקוּמֶען וֶועגֶען דֶער
מוֹרָא פַאר דֶערְנֶער אוּנְד דִיסְטֶעלְן,
אוּנְד עֶס וֶועט נָאר זַיין דָאס דֶער אָקְס
אוּנְד דָאס לֶעמֶעלֶע זָאל אַהִינְגֶעשִׁיקְט
וֶוערֶען אוּם צוּ צֶערטְרֶעטֶען׃

קאפיטעל ח

1 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
נֶעם דִיר אַ גְרויס שְׁטִיק פַּארְגַאמֶענְט
אוּנְד שְׁרֵייבּ דַארויף מִיט דִיא פֶּעדֶער
פוּן אַ מֶענְשׁ פוּן וֶועגֶען מַהֵר־שָׁלָל־
חָשׁ־בַּז׃
2 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיר גֶענוּמֶען
(צְווייא) בֶּעגְלֵייבְּטֶע עֵדוּת, דֶעם אוּרִיָּה
הַכֹּהֵן אוּנְד דֶעם זְכַרְיָהוּ בֶּן יְבֶרֶכְיָהוּ׃
3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ
דֶער נְבִיאָה, אוּנְד זִיא אִיז טְרָאגֶעדִיג
גֶעוָוארֶען אוּנְד זִיא הָאט גֶעווינֶען אַ
זוּהְן, אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
רוּף זַיין נָאמֶען מַהֵר־שָׁלָל־חָשׁ־בַּז׃
4 וָוארִין אֵיידֶער דֶער יוּנְג וֶועט
וִויסֶען צוּ רוּפֶען־מֵיין פָאטֶער אָדֶער
מֵיינֶע מוּטֶער—וֶועט מֶען אַוֶעקְטְרָאגֶען
דָאס פֶערְמֶעגֶען פוּן דַמֶּשֶׂק אוּנְד דֶעם
זַאקְרויבּ פוּן שֹׁמְרוֹן פַאר דֶעם מֶלֶךְ
פוּן אַשּׁוּר׃
5 אוּנְד גָאט הָאט נָאךְ אַ מָאל צוּ
מִיר גֶערֶעט, אַזוי צוּ זָאגֶען׃
6 ווייל דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק הָאט
פֶערְאַכְטֶעט דִיא וַואסֶער פוּן שִׁלֹחַ,
וָואס פְלִיסְט פַּאמֶעלֶעךְ, אוּנְד הָאט זִיךְ
גֶעפְרֵייעֶט מִיט רְצִין אוּנְד מִיט דֶעם
זוּהְן פוּן רְמַלְיָהוּ׃
7 אוּנְד דַארוּם זֶעה, דֶער הַאר וֶועט
אַרויפְבְּרֶענְגֶען אִיבֶּער זֵייא דִיא וַואסֶער
פוּן דֶעם טֵייךְ, דִיא שְׁטַארְקֶע אוּנְד
דִיא פִילֶע—דֶעם מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר אוּנְד
זַיינֶעם גַאנְצֶען כָּבוֹד; אוּנְד עֶר וֶועט
אַרויפְגֵיין אִיבֶּער אַלֶע זַיינֶע טֵייכֶען,
אוּנְד עֶר וֶועט אַרויפְגֵיין אויף אַלֶע
זַיינֶע בְּרֶעגֶעס׃
8 אוּנְד עֶר וֶועט אַרִיבֶּערְגֵיין דוּרְךְ
יְהוּדָה, אוּנְד וֶועט פֶערְפְלֵייצֶען אוּנְד
אַרִיבֶּערְגֵיין אוּנְד גְרֵייכֶען בִּיז צוּ דֶעם
הַאלְז, אוּנְד דִיא אויסְבְּרֵייטוּנְג פוּן
זַיינֶע פְלִיגֶעל וֶועט דַיין לַאנְד פוּל
מַאכֶען, אָ עִמָּנוּ־אֵל!
9 גֶעזֶעלְט אֵייךְ, אִיהְר פֶעלְקֶער,
אָבֶּער אִיהְר וֶועט צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען,
פֶערְנֶעמְט עֶס אַלֶע וָואס אִיהְר זֶענְט
אִין דֶער וֵייטֶען וֶועלְט, (חָאטְשֶׁע
אִיהְר) בֶּעגַארְטֶעט אֵייךְ (מִיט שְׁטַארְק־
הֵייט) אָבֶּער אִיהְר וֶועט צוּבְּרָאכֶען
וֶוערֶען; בֶּעגַארְטֶעט אֵייךְ אָבֶּער אִיהְר
וֶועט צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען׃
10 הָאט צוּזַאמֶען אֵיין עֵצָה, אָבֶּער
עֶס וֶועט צוּשְׁטֶערְט וֶוערֶען, רֶעט אַ
וָוארְט, אָבֶּער עֶס וֶועט נִיט מְקוּיָּם
וֶוערֶען, ווייל גָאט אִיז מִיט אוּנְס
(עִמָּנוּ אֵל)׃
11 וָוארִין אַזוי הָאט גָאט צוּ מִיר
גֶעזָאגְט וֶוען עֶר הָאט מִיךְ דֶערְגְרִיפֶען
מִיט אַ שְׁטַארְקֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט
מִיךְ גֶעשְׁטְרָאפְט אַז אִיךְ זָאל נִיט גֵיין
אִין דֶעם וֶועג פוּן דֶעם דָאזִיגֶען
פָאלְק, אַזוי צוּ זָאגֶען׃
12 אִיהְר זָאלְט נִיט זָאגֶען אַז עֶס אִיז

אַ בּוּנְד צוּ אַלֶע צוּ וֶועלְכֶע דָאס
דָאזִיגֶע פָאלְק וֶועט זָאגֶען אַ בּוּנְד־
אִיהְר זָאלְט קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען
פַאר זַיינֶע פוּרְכְט, אוּנְד אִיהְר זָאלְט
אֵייךְ נִיט דֶערְשְׁרֶעקֶען:
13 דֶעם יְהוָֹה צְבָאוֹת, אִיהְם זָאלְט
אִיהְר הֵיילִיגֶען, אוּנְד פַאר אִיהְם מוֹרָא
הָאבֶּען, אוּנְד עֶר זָאל זַיין אֵייעֶר
שְׁרֶעקֶען:
14 אוּנְד עֶר וֶועט זַיין פַאר אַ הֵיילִיגְ־
טוּם, אוּנְד צוּ אֵיין שְׁטְרוֹיכְלוּנְג־שְׁטֵיין
צוּ בֵּיידֶע הֵייזֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אַלְס אַ
נֶעץ אוּנְד אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג צוּ דִיא בֶּעְ־
ווֹאוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם:
15 אָבֶּער פִילֶע וֶועלֶען דוּרְךְ זַייא
גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען, אוּנְד וֶועלֶען
פַאלֶען אוּנְד צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען, זַייא
וֶועלֶען גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט אוּנְד גֶעפַאנְגֶען
וֶוערֶען:
16 פֶערְבִּינְד דָאס צֵייגְנִיס, פֶערְחַתְמֶע
דִיא תּוֹרָה דוּרְךְ מֵיינֶע לֶערְנֶערְס
(תַּלְמִידִים):
17 אוּנְד אִיךְ הָאף צוּ גָאט וָואס הָאט
פֶערְבָּארְגֶען זַיין פָּנִים פוּן דֶעם הוֹיזְ־
גֶעזִינְד פוּן יַעֲקֹב, אָבֶּער אִיךְ וִויל דָאךְ
צוּ אִיהְם הָאפֶען:
18 זֶעה, אִיךְ אוּנְד דִיא קִינְדֶער וָואס
גָאט הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען, (זֶענֶען) פַאר
צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער אִין יִשְׂרָאֵל פוּן
יְהוָֹה צְבָאוֹת, וָואס וְואוֹינְט אוֹיף דֶעם
בַּארְג צִיּוֹן:
19 אוּנְד וֶוען זַייא וֶועלֶען צוּ אֵייךְ
זָאגֶען, פָארְשְׁט צוּ דִיא כִּישׁוּף מַאכֶערְס
פוּן דִיא אוֹבוֹת, אוּנְד פוּן דִיא יִדְּעוֹנִים,
וָואס פִּיפְּצֶען אוּנְד בְּרוּמֶען—(אַזוֹי זָאלְט
אִיהְר זָאגֶען) זָאל נִיט אַ פָאלְק אָנְ־
פְרֶעגֶען בֵּייא זַיין גָאט? וֶועגֶען דִיא
לֶעבֶּעדִיגֶע אוּנְד דִיא טוֹיטֶע?
20 צוּ דֶער תּוֹרָה אוּנְד צוּ דֶעם עֵדוּת,
וֶוען זַייא זָאגֶען נִיט אַזוֹי וִויא דָאס
דָאזִיגֶע וָוארְט—אַזוֹי אִיז עֶס וֵוייל זַייא
הָאבֶּען נִיט קֵיין מָארְגֶענְלִיכְט:
21 אוּנְד עֶר וֶועט אִין אִיהְר דוּרְכְ־
גֵיין הַארְט גֶעדְרִיקְט אוּנְד הוּנְגְרִיג,
אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וֶוען עֶר וֶועט
שְׁטַארְק הוּנְגְרִיג וֶוערֶען אַזוֹי וֶועט עֶר
זִיךְ דֶערְצֶערְנֶען אוּנְד שֶׁעלְטֶען זַיין
מֶלֶךְ אוּנְד זַיין אָפְּגָאט, אוּנְד עֶר וֶועט
זִיךְ קֶעהְרֶען נָאךְ אוֹיבֶּען:
22 אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט קוּקֶען צוּ דֶער
עֶרְד, זֶעה עֶס אִיז אַ צָרָה אוּנְד פִינְסְ־
טֶערְנִיס, מִידִיגְקֵייט אוּנְד עֶנְגְשַׁאפְט,
אוּנְד וֶועגֶען דִיא טוּנְקֶעלְהֵייט וֶועט עֶר
פֶערְשְׁטוֹיסֶען וֶוערֶען:
23 אָבֶּער דָאךְ וֶועט דִיא מִידִיגְקֵייט
נִיט זַיין אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
אִין אִיהְרֶע בֶּעדְרֶענְגְנִיס וִויא אִין דֶער
עֶרְשְׁטֶער צֵייט וֶוען עֶר הָאט גְרִינְג
גֶעמַאכְט דָאס לַאנְד זְבוּלֻן אוּנְד דָאס
לַאנְד נַפְתָּלִי, אָבֶּער צוּלֶעצְט הָאט עֶר
שְׁוֶוער גֶעמַאכְט דֶעם וֶועג פוּן דֶעם
יַם, אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זַייט יַרְדֵן
אִין גְלִיל פוּן דִיא פֶעלְקֶער (גוֹיִם):

קאפיטעל ט

1 דָאס פָאלְק וָואס אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען
אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס הָאט גֶעזֶעהֶען
אַ גְרוֹיס לִיכְט, דִיא וָואס זֶענֶען גֶעְ־
זֶעסֶען אִין דֶעם שָׁאטֶען פוּן טוֹיט, צוּ
זַייא הָאט אַ לִיכְט גֶעשֵׁיינְט:
2 דוּא הָאסְט פֶערְמֶעהְרְט דָאס פָאלְק,
אוּנְד דוּא הָאסְט פַאר אִיהְם גְרוֹיס
גֶעמַאכְט דִיא שִׂמְחָה, זַייא הָאבֶּען זִיךְ
פַאר דִיר גֶעפְרֵייט, אַזוֹי וִויא מֶען
פְרֵייעֶט זִיךְ אִין דֶער שְׁנִיט־צֵייט, אוּנְד


אזו

אַזוֹי וויא מֶען פְרֵייעָט זִיךְ וָוען מֶען
טֵיילְט אוֹיס דֶעם זַאקְרוֹיב:
3 וָוארִין דָאס יָאךְ פוּן זַיינֶע לַאסְט,
אוּנְד דֶעם שְׁטֶעקֶען פוּן זַיינֶע אַקְסֶעל,
אוּנְד דִיא רוּט פוּן זַיין בֶּעדְרֶענְגֶער
הָאסְט דוּא צֶערבְּרָאכֶען אַזוֹי וויא אִין
דֶעם טָאג פוּן מִדְיָן:
4 וָוארִין אִיטְלִיכֶער שְׁפָּארֶען־שְׁטִיפֶעל
וָואס מַאכְט אַ רַעשׁ, אוּנְד דָאס קְלֵייד
וָואס אִיז אֵיינְגֶעריכְט אִין דֶעם בְּלוּט,
דָאס וֶועט זַיין צוּ אַ פֶערבְּרֶענוּנְג וָואס
דָאס פֵייעֶר וֶועט עֶס פֶערבְּרֶענֶען:
5 וָוארִין צוּ אוּנְס אִיז אַ קִינְד גֶעבּוֹירֶען,
אַ זוּהְן אִיז צוּ אוּנְס גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען,
אוּנְד דִיא הֶערְשַׁאפְט וֶועט זַיין אוֹיף
זַיינֶע אַקְסֶעל, אוּנְד עֶר וֶועט זַיין
נָאמֶען רוּפֶען,—וְואוּנְדֶערְבַּארֶער, בַּעל
עֵצָה, שְׁטַארְקֶער גָאט, אֵייבִּיגֶער פָאטֶער,
שַׂר פוּן שָׁלוֹם:—
6 צוּ פֶערְמֶעהְרֶען דִיא הֶערְשַׁאפְט,
אוּנְד צוּ שָׁלוֹם וֶועט קֵיין עֶנְד זַיין,
(עֶר וֶועט זִיצֶען) אוֹיף דֶעם טְרָאהְן־
שְׁטוּהְל פוּן דָוִד אוּנְד אִיבֶּער זַיין
קֶעניגְרֵייךְ, עֶס אָנְצוּבְרֵייטֶען אוּנְד צוּ
אוּנְטֶערְלֶעהְנֶען מִיט מִשְׁפָּט אוּנְד גֶער־
רֶעכְטִיגְקֵייט, פוּן יֶעצְט אָן בִּיז אוֹיף
אֵייבִּיג, דִיא קִנְאָה פוּן יְהוָֹה צְבָאוֹת
וֶועט דָאס דָאזִיגֶע טְהוּן:
7 דֶער הַאר הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט אַ
וָוארְט אִין יַעֲקֹב, אוּנְד עֶס אִיז אַרוּפ־
גֶעקוּמֶען אִין יִשְׂרָאֵל:
8 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וֶועט עֶס
ווִיסֶען,—אֶפְרַיִם אוּנְד דִיא אֵיינְוְואוֹינֶערְס
פוּן שֹׁמְרוֹן, וָואס זָאגֶען מִיט גַאֲוָה
אוּנְד מִיט גְרוֹיס הֶערְצִיגְקֵייט:
9 דִיא צִיגֶעל זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוּנְד
מִיר וֶועלֶען בּוֹיעֶן מִיט גֶעהַאקְטֶע
שְׁטֵיינֶער, דִיא ווִילְדֶע פֵייגֶענְבֵּיימֶער
זֶענֶען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד
טֶענֶענְבֵּיימֶער וֶועלֶען מִיר פֶערְבִּייטֶען:
10 אוּנְד גָאט וֶועט קֶענֶען אִיהְם
שְׁטַארְקֶען דִיא פֵיינְד פוּן רְצִין אוּנְד
זַיינֶע פֵיינְד וֶועט עֶר אָנְרֵייצֶען:
11 פוּן פָארְנְט (אָדֶער מִזְרַח זַייט)
אִיז גֶעוֶועזֶען אֲרָם, אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים
פוּן הִינְטֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיפְ־
גֶעגֶעסֶען דִיא יִשְׂרָאֵל מִיט דֶעם גַאנְצֶען
מוֹיל, מִיט דֶעם אַלֶעם הָאט זִיךְ דָאךְ
נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט זַיין צָארְן, אוּנְד זַיינֶע
הַאנְד אִיז נָאךְ אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט:
12 אָבֶּער דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ נִיט
אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּ דֶעם וָואס הָאט
אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד דֶעם יְהוָֹה
צְבָאוֹת הָאבֶּען זַייא נִיט גֶעזוּכְט:
13 אוּנְד גָאט וֶועט פֶערְשְׁנֵיידֶען פוּן
יִשְׂרָאֵל קָאפּ אוּנְד וויידֶעל, גְרוֹיסֶע
אוּנְד קְלֵיינֶע אִין אֵיין טָאג:
14 דֶער עֶלְטְסְטֶער אוּנְד דֶער אָנְגֶע־
זֶעהֶענֶער, עֶר אִיז דֶער קָאפּ, אוּנְד
דֶער נָבִיא וָואס לֶעהְרְט שֶׁקֶר עֶר אִיז
דָאס וויידֶעל:
15 אָבֶּער דִיא פִיהְרֶערְס פוּן דֶעם
דָאזִיגֶען פָאלְק מַאכֶען זַייא פֶערְאִירֶען,
אוּנְד דִיא וָואס וֶוערֶען פוּן זַייא
גֶעפִיהְרְט וֶוערֶען (פֶערְשְׁלוּנְגֶען)
פֶערְדָארְבֶּען:
16 דַארוּם וֶועט זִיךְ דֶער הַאר נִיט
פְרֵייעֶן אִיבֶּער זַיינֶע יוּנְגֶע לֵייט, אוּנְד
אִיבֶּער זַיינֶע יְתוֹמִים אוּנְד אִיבֶּער זַיינֶע
אַלְמָנוֹת וֶועט עֶר זִיךְ נִיט דֶערְבַּארְמֶען,
וָוארִין זַייא זֶענֶען אַלֶע חוֹנְפִים אוּנְד
שְׁלֶעכְט, אוּנְד אִיטְלִיכֶעס מוֹיל רֶעט
שֶׁענְדְלִיכֶעס, בֵּייא דֶעם אַלֶעם הָאט זִיךְ
דָאךְ זַיין צָארְן נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט,



אוּנְד

אונד זײנע האנד איז נאך
אויסגעשטרעקט :
17 װארין זײער רשעות װעט אין
זײא ברענען װיא א פײער, עס װעט
פערברענען װיא דיסטעלן, אונד עס
װעט אנצינדען דיא דינע צװײגען פון
דעם װאלד, אונד זײא װעלען אויפגײן
אזוי װיא רויך גײט אויף :
18 װעגען דעם צארן פון יהוה
צבאות איז דאס לאנד טונקעל געװארען,
אונד דאס פאלק איז געװארען װיא א
פערברענענדעס פײער, אײנער װעט
זיך ניט דערבארמען איבער איין
אנדערן :
19 אונד ער װעט האפען אויף דער
רעכטער זײט, אבער ער װעט הונגערן,
אונד ער װעט עסען אויף דער לינקער
זײט, אבער זײא װעלען ניט זאט װער־
רען, איטליכער װעט עסען דאס פלײש
פון זײן אײגענעם ארעם :
20 מנשה װעט זיך מחבר זײן מיט
אפרים אונד אפרים מיט מנשה, אונד
זײא בײאנאנדער װעלען זײן קעגען
יהודה, אבער מיט דעם אלעמען װעט
זיך זײן צארן ניט אפקעהרען, אונד
זײנע האנד איז נאך אויסגעשטרעקט :

## קאפיטעל י

1 אוי װײא ! צו דיא װאס מאכען
אונגערעכטע געזעץ, אונד װאס שרײ־
בען אויף פאלשע שריפטען :
2 כדי זײא זאלען אפנײגען דאס
רעכט פון דעם בעדירפטיגען, אונד
צו בעגזלען דורך דעם משפט דיא
ארעמע פון מײן פאלק ; אז דיא
אלמנות זאלען װערען זײער זאקרויב,
אונד אז זײא זאלען דיא יתומים
בערויבען :
3 אונד װאס װעט איהר אבער טהון
אן דעם טאג װאס מען װעט געדענקען
אונד פון פערװיסטונג װאס װעט קומען
פון װײטען ? צו װעמען װעט איהר
ענטלויפען אום הילפע ? אונד װאו
װעט איהר אײער כבוד פערלאזען ?
4 אהן מיר װעלען זײא אנידערגעבײגט
װערען אונטער דיא געבונדענע, אונד
אונטער דיא דערשלאגענע װעט איהר
פאלען ; אבער מיט דעם אלעמען
װעט זיך זײן צארן ניט אפקעהרען,
אונד זײנע האנד איז נאך אויס־
געשטרעקט :
5 אוי װײא ! צו אשור, דיא רוט פון
מײן צארן, אונד דער שטעקען װאס
איז אין זײן האנד איז מײן גרימצארן :
6 איך װעל איהם שיקען קעגען א
פאלק װאס חנפינען, אונד קעגען א
פאלק פון מײן צארן װעל איך איהם
געביטען, אז ער זאל איהם אים
גאנצען בערויבען אונד צוטרעטען אזוי
װיא לײם אויף דער גאס :
7 אבער ער מײנט עס ניט אזוי,
אונד טראכט ניט אזוי אין זײן הארץ,
נײערט ער טראכט מיט זײן הארץ
צו פערטילגען אונד ניט װעניג פעל־
קער צו פערניכטען :
8 װארין ער זאגט,—זענען ניט אלע
מײנע פירשטען בײאנאנדער מלכים ?
9 איז ניט כלנו אזוי װיא כרכמיש ?
אונד איז ניט חמת אזוי װיא ארפד ?
אונד איז ניט שמרון אזוי װיא דמשק ?
10 אזוי װיא מײנע האנד האט אויס־
געפונען דיא קעניגרײכע װאס דינען
דיא אפגעטער,—אונד װאס זײערע געט־
צענבילדער זענען געװעזען מעהר װיא
פון ירושלים אונד שמרון :

11 זָאל אִיךְ נִיט טְהוּן צוּ שֹׁמְרוֹן
אוּנְד צוּ זַיירֶע אָפְּגֶעטֶער אַזוֹי וִויא אִיךְ
הָאבּ גֶעטְהוּן צוּ יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד צוּ
זַיירֶע גֶעצֶענְבִּילְדֶער ?
12 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, אַז וֶוען גָאט
וֶועט פֶערְלֶענְדֶען זַיינֶע גַאנְצֶע מַעֲשִׂים
אוֹיף דֶעם בַּארְג צִיוֹן אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַ ,
אַזוֹי וֶועל אִיךְ גֶעדֶענְקֶען (אָדֶער בֶּע־
שְׁטְרָאפֶען) וֶועגֶען דִיא פְּרוּכְט פוּן
רֶעט הוֹיכְמִיטִיגֶען הַארְץ פוּן דֶעם
מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר, אוּנְד וֶועגֶען דִיא
הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דֶער דֶערְהֵייבּוּנְג פוּן
זַיינֶע אוֹיגֶען :
13 וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּרְךְ
דֶעם כּוֹחַ פוּן מֵיינֶע הֶענְד הָאבּ אִיךְ
דָאס גֶעטְהוּן—אוּנְד מִיט מֵיינֶע חָכְמָה—
וָוארִין אִיךְ בִּין פֶערְשְׁטֶענְדִיג—אוּנְד
אִיךְ הָאבּ אָפְּגֶעטְהוּן דִיא גְרֶענְעֶצֶען
פוּן דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיר
גֶערוֹיבְּט זֵייעֶר בֶּעשְׁטַאנְד, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ אַרוּנְטֶערְגֶעבְּרַאכְט זַיירֶע בֶּע־
וָואוֹינֶער וִויא אַ מֶעכְטִיגֶער :
14 אוּנְד אַזוֹי וִויא פֵייגֶעלְנֶעסְט וֶוערְט
גֶעפוּנֶען אַזוֹי הָאט מֵיינֶע הַאנְד גֶע־
פוּנֶען דִיא רֵייכְטְהִימֶער פוּן דִיא
פֶעלְקֶער, אוּנְד אַזוֹי וִויא מֶען זַאמֶעלְט
אֵיין פֶערְלָאזֶענֶע אֵייעֶר, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ
אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דָאס גַאנְצֶע לַאנְד,
אוּנְד עֶס הָאט קֵיינֶער גֶעשָׁאקֶעלְט
מִיט אַ פְלִיגֶעל, אָדֶער אוֹיפְגֶעמַאכְט
דָאס מוֹיל, אָדֶער גֶעפֵּייפְּט :
15 זָאל זִיךְ דֶען דִיא הַאק בֶּערִימֶען
קֶעגֶען דֶעם וָואס הַאקְט דֶערְמִיט ?
אָדֶער זָאל זִיךְ דִיא זֶעג גְרוֹיס מַאכֶען
קֶעגֶען דֶעם וָואס הֵייבְּט זִיא אוֹיף ?
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דִיא רוּט זָאלְט
שָׁאקְלֶען דֶעם אוֹיפְהֵייבֶּער, אוּנְד אַ
שְׁטֶעקֶען זָאלְט זִיךְ אוֹיפְהֵייבֶּען אַלְס
וֶוער עֶר קֵיין הָאלְץ :
16 דַארִיבֶּער וֶועט דֶער הַאר גָאט
פוּן צְבָאוֹת אוֹיסְשִׁיקֶען אִיבֶּער זַיינֶע
פֶעטֶע אַ מָאגֶערְקֵייט, אוּנְד אוּנְטֶער
זַיינֶעם כָּבוֹד וֶועט עֶר אָנְצִינְדֶען אַ
בְּרַאנְד, אַזוֹי וִויא אַ פֵייעֶרְבְּרַאנְד :
17 אוּנְד דָאס לִיכְט פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועט
זַיין פַאר אַ פֵייעֶר, אוּנְד זַיין הֵיילִיגֶער
וֶועט זַיין אַ פְלַאם אוּנְד וֶועט בְּרֶענֶען
אוּנְד פֶערְבְּרֶענֶען זַיינֶע דֶערְנֶער אוּנְד
דִיסְטֶעלְן אִין אֵיין טָאג :
18 אוּנְד דֶעם כָּבוֹד פוּן זַיין וַואלְד,
אוּנְד זַיין פְרוּכְטבַּארֶעס פֶעלְד, פוּן
דֶעם נֶפֶשׁ בִּיז צוּ דֶעם לֵייבּ וֶועלֶען
זַייא פֶערבְּרֶענְט וֶוערֶען, אוּנְד זַייא
וֶועלֶען פֶערשְׁמַאכְטֶען אַזוֹי וִויא אַ
פָאהְן טְרֶעגֶער פֶערשְׁמַאכְט
19 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע בֵּיימֶער פוּן
זַיין וַואלְד וֶועלֶען זַיין אַזוֹי וֶוויינִיג אִין
דֶער צָאהְל אַז אַ יוּנְג וֶועט זַייא קֶענֶען
אוֹיפְשְׁרֵייבֶּען :
20 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען טָאג אַזוֹי וֶועט זִיךְ שׁוֹין נִיט
מֶעהְר דִיא אִיבֶּערבְּלֵייבּוּנְג פוּן יִשְׂרָאֵל
אוּנְד דִיא עֶנְטְרִינוּנְג פוּן דֶעם הוֹיז־
גֶעזִינְד פוּן יַעֲקֹב אוּנְטֶערְלֶעהְנֶען אוֹיף
דֶעם וָואס הָאט אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען,
נֵייעֶרְט עֶר וֶועט זִיךְ אוּנְטֶעלֶעהְנֶען
אוֹיף יְהוָֹה, דֶעם הֵיילִיגֶען אִין יִשְׂרָאֵל
מִיט אֶמֶת :
21 דִיא אִיבֶּערבְּלֵייבּוּנְג וֶועט זִיךְ
אוּמְקֶעהְרֶען—דִיא אִיבֶּערבְּלֵייבּוּנְג פוּן
יַעֲקֹב צוּ דֶעם שְׁטַארְקֶען גָאט :
22 חָאטְשֶׁע דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל וֶועט
זַיין אַזוֹי פִיעֶל וִויא דֶער זַאמְד פוּן
דֶעם יַם, דָאךְ וֶועט אַן אִיבֶּערבְּלֵייבּוּנְג


פוּן

פוּן אִיהְם צוּרִיקְקֶעהְרֶען, דִיא פֶּערְ־
טִילְגוּנְג וָואס אִיז בֶּעשְׁטִימְט וֶועט
אִיבֶּערְפְלִיסֶען מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃
23 וָוארִין דִיא בֶּעשְׁטִימְטֶע פֶּערְטִילְגוּנְג
וֶועט דֶער הַאר יְהוָֹה צְבָאוֹת מַאכֶען
אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד׃
24 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר יְהוָֹה
צְבָאוֹת: אָ מֵיין פָאלְק וָואס וְואוֹינְסְט
אִין צִיוֹן, דוּא זָאלְסְט נִיט קֵיין מוֹרָא
הָאבֶּען פַאר אַשּׁוּר, עֶר וֶועט דִיךְ
שְׁלָאגֶען מִיט דִיא רוּט, אוּנְד עֶר וֶועט
קֶענֶען דִיר אוֹיפְהֵייבֶּען זֵיין שְׁטֶעקֶען
נָאךְ דֶעם שְׁטֵייגֶער פוּן מִצְרַיִם׃
25 וָוארִין נָאךְ אִין אַ קְלֵיינֶע צֵייט
וֶועט זִיךְ דֶער צָארְן פֶּערְלָאזֶען אוּנְד
מֵיין גְרִימְצָארְן וֶועט זִיךְ אוֹיפְהֵייבֶּען
אִיבֶּער זֵייעֶרֶע פֶּערְטִילְגוּנְג׃
26 אוּנְד יְהוָֹה צְבָאוֹת וֶועט אִיבֶּער
אִיהְם דֶערְוֶועקֶען אַ רוּט, אַזוֹי וִויא
דֶער שְׁלַאק פוּן דִיא מִדְיָנִים בֵּייא דֶעם
פֶעלְזֶען עוֹרֵב, אוּנְד אַזוֹי וִויא זֵיין
שְׁטֶעקֶען בֵּייא דֶעם יַם, אוּנְד עֶר וֶועט
אִיהְם דֶערְהֵייבֶּען אַזוֹי וִויא אִין דֶעם
וֶועג פוּן מִצְרַיִם׃
27 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אִין דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען טָאג אַזוֹי וֶועט זֵיינֶע לַאסְט
אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען פוּן דֵיינֶע אַקְסֶעל,
אוּנְד זֵיין יָאךְ פוּן דֵיין הַאלְז, אוּנְד
דָאס יָאךְ וֶועט פֶערְדָארְבֶּען וֶוערֶען
וֶועגֶען דֶעם (זַאלְב)־אֵייל׃
28 עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֶעגֶען עַיָּת, עֶר
אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ מִגְרוֹן, אִין
מִכְמָשׂ הָאט עֶר אָפְּגֶעלֵייגְט זֵיינֶע כֵּלִים׃
29 זֵייא זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דִיא
אִיבֶּערְפָארְט, אִין גֶבַע הָאבֶּען זֵייא
אִיבֶּערְנֶעכְטִיגְט, רָמָה הָאט גֶעצִיטֶערְט,
גִבְעַת שָׁאוּל אִיז אֶנְטְלָאפֶען׃
30 שְׁרֵייט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, דוּא
טָאכְטֶער פוּן גַלִּים! פַארְנֶעם עֶס לַיְשָׁה,
אוֹי דוּא עֶלֶענְדֶע עֲנָתוֹת׃
31 מַדְמֵנָה אִיז פֶערְוָואגֶעלְט גֶעוָוארֶען,
דִיא אֵיינְווֹאוֹינֶער פוּן גֵבִים הָאבֶּען זִיךְ
פֶערְזַאמֶעלְט (כְּדֵי צוּ אֶנְטְלוֹיפֶען)׃
32 נָאךְ הֵיינְט וֶועט מֶען אִין נוֹב
שְׁטֵיין בְּלֵייבֶּען, דֶערְנָאךְ וֶועט עֶר
זֵיינֶע הַאנְד אוֹיפְהֵייבֶּען קֶעגֶען דֶעם
בַּארְג פוּן דֶער טָאכְטֶער פוּן צִיוֹן אוּנְד
קֶעגֶען דִיא הֵייךְ פוּן יְרוּשָׁלַיִם׃
33 זֶעה, יְהוָֹה צְבָאוֹת וֶועט אָפְּהַאקֶען
דִיא שֵׁיינֶע צְוֵוייגֶען, אוּנְד דִיא וָואס
זֶענֶען זֶעהְר הוֹיךְ גֶעוַואקְסֶען וֶועלֶען
אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען, אוּנְד דִיא גַאנְץ
הוֹיכֶע וֶועלֶען דֶערְנִידְרִיגְט וֶוערֶען׃
34 אוּנְד עֶר וֶועט אָפְּשְׁנֵיידֶען דִיא
גֶעדִיכְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם וַואלְד מִיט
דֶעם אֵייזֶען, אוּנְד לְבָנוֹן וֶועט פַאלֶען
דוּרְךְ דֶעם שְׁטַארְקֶען׃

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד עֶס וֶועט אַרוֹיסְוַואקְסֶען אַ
רוּט פוּן דֶעם בּוֹים פוּן יִשַׁי, אוּנְד אַ
צְוֵוייג פוּן זֵיינֶע וָוארְצֶעלְן וֶועט פְרוּכְט
בְּרֶענְגֶען׃
2 אוּנְד אוֹיף אִיהְם וֶועט רוּהֶען דֶער
רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ פוּן גָאט, דֶער גֵייסְט פוּן
חָכְמָה אוּנְד פֶערְשְׁטַאנְד, דֶער גֵייסְט
פוּן עֵצָה אוּנְד שְׁטַארְקֵייט, דֶער גֵייסְט
פוּן וִויסֶענְשַׁאפְט אוּנְד דִיא פָארְכְט פוּן
גָאט׃
3 אוּנְד זֵיין אָטְהֶעם (שְׁמֶעקֶען) וֶועט
זֵיין אִין דֶער פוּרְכְט פוּן גָאט, אוּנְד
עֶר וֶועט נִיט מִשְׁפָּטֶען נָאךְ דֶעם אָנְ־
זֶעהֶען פוּן זֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד עֶר וֶועט
נִיט בֶּעשְׁטְרָאפֶען נָאךְ דֶעם הֶערֶען
מִיט זֵיינֶע אוֹירֶען׃

4 גייערט ער וועט דיא אָרעמע לייט
מִשְׁפָּטֶען מיט גערעכטיגקייט, אונד
ער וועט שטראָפען מיט רעכט דיא
עלענדע פון דעם לאַנד, אונד ער
וועט שלאָגען דיא ערד מיט דיא רוט
פון זיין מויל, אונד מיט דעם הויך
פון זיינע ליפּען וועט ער טייטען דעם
רָשָׁע׃
5 אונד גערעכטיגקייט וועט זיין דער
גארטעל פון זיינע לענדען, אונד טריי־
שאַפט דער גאַרטעל פון זיינע דיכען׃
6 אונד אַ וואָלף וועט וואוינען מיט
אַ לעמעלע, אונד אַ לעמפּערט וועט
זיך לייגען מיט אַ ציקעלע, אונד אַ
קאַלב אונד אַ יונגער לייב, אונד אַ
פעטער אָקס צוזאַמען, אונד אַ קליין
יונגעלע וועט זייא פיהרען׃
7 אונד אַ קוה אונד אַ בער וועלען
זיך צוזאַמען ווייידען, זייערע יונגען
וועלען זיך צוזאַמען אַנידערלייגען,
אונד דער לייב וועט עסען שטרוֹיא
אַזוי וויא דער אָקס׃
8 אונד אַ זייגעדיג קינד וועט זיך
שפּילען בייא דעם לאָך פון דער
שלאַנג, אונד איין אָפּגעוויינטעס קינד
וועט זיינע האַנד אויסשטרעקען צו
דעם לאָך פון דער געפאַרבטע (גע־
פעהרליכע) שלאַנג׃
9 זייא וועלען קיין שלעכטעס טהון
אונד ניט פערדאַרבען אויף מיין גאַנצען
היילינען בארג, וואָרין דיא ערד וועט
זיין פול מיט וויסענשאַפט אַזוי וויא
דאָס וואַסער בעדעקט דאָס יַם׃
10 אונד אין יענעם טאָג וועט זיין
דיא וואָרצעל פון יִשַׁי, וואָס וועט
שטיין אַלס אַ פאָהן פאַר דיא פעלקער;
צו דעם וועלען דיא פעלקער פאָרשען,
אונד זיינע רוהע וועט זיין כָּבוֹד׃
11 אונד עס וועט זיין אַן דעמזעלביגען
טאָג, דאָס יְהֹוָה וועט נאָך אַ מאָל
אויסשטרעקען זיינע האַנד, זיך צו
ערקויפען דיא איבערבלייבונג פון זיין
פאָלק, וואָס וועט בלייבען פון אַשּׁוּר,
אונד פון מִצְרַיִם, אונד פון פַּתְרוֹס,
אונד פון כּוּשׁ, אונד פון עֵילָם, אונד
פון שִׁנְעָר, אונד פון חֲמָת, אונד פון
דיא אינזעלן פון יַם׃
12 אונד ער וועט אויפהייבען אַ פאָהן
פאַר דיא פעלקער, אונד ער וועט
איינזאַמעלן דיא פערשטויסענע פון
יִשְׂרָאֵל, אונד דיא צושפּרייטע פון
יְהוּדָה וועט ער צוזאַמען נעמען פון
דיא פיער עקען פון דער ערד׃
13 אונד דיא קִנְאָה פון אֶפְרַיִם וועט
אָפּגעטהון ווערען, אונד דיא שׂוֹנְאִים
פון יְהוּדָה וועלען פערשניטען ווערען,
אֶפְרַיִם וועט ניט מְקַנֵּא זיין יְהוּדָה,
אונד יְהוּדָה וועט ניט צָרוֹת אָנְטהון
צו אֶפְרַיִם׃
14 גייערט זייא וועלען פליהען אויף
דיא אַקסעל פון דיא פְּלִשְׁתִּים קעגען
מַעֲרָב זייט, זייא וועלען צוזאַמען בע־
רויבען דיא מענשען פון מִזְרָח זייט,
זייא וועלען זייערע האַנד לייגען אויף
אֱדוֹם אונד מוֹאָב, אונד דיא בְּנֵי עַמּוֹן
וועלען זייא געהאָרכען׃
15 אונד גאָט וועט מַחְרִים זיין דיא
צונג (דעם אויסגאַנג) פון דעם יַם בייא
מִצְרַיִם, אונד ער וועט זיינע האַנד
אויפהייבען איבער דעם טייך מיט אַ
מעכטיגען ווינד, אונד ער וועט איהם
שלאָגען אין זיבען טייכען, אונד מאַ־
כען אַז מענשען וועלען אַריבערגיין מיט
טריקענע שיך׃

16 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַ הוֹיכֶּער
וֶועג פַאר דֶעם אִיבֶּערְרֶעשְׁט פוּן דֶעם
פָאלְק, וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן
אַשּׁוּר, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ
יִשְׂרָאֵל אִין דֶעם טָאג וֶוען עֶר אִיז
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם :

## קאפיטעל יב

1 אוּנְד אִין יֶענֶעם טָאג וֶועסְט דוּא
זָאגֶען, אִיךְ וֶועל דִיךְ לוֹיבֶּען אָ גָאט !
חָאטְשֶׁע דוּא הָאסְט גֶעצָארְנְט אוֹיף
מִיר, דָאךְ הָאט זִיךְ דַיין צָארְן פוּן מִיר
אָפְּגֶעטְהוּן, אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ
גֶעטְרֵייסְט :
2 זֶעה, גָאט אִיז מֵיינֶע הִילְף (יְשׁוּעָה),
אִיךְ בִּין זִיכֶער אוּנְד אִיךְ פָארְכְט מִיךְ
נִיט, וָוארִין יְהֹוָה גָאט אִיז מֵיינֶע
שְׁטַארְקְהֵייט אוּנְד מֵיין גֶעזַאנְג, אוּנְד
עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעוָוארֶען מֵיינֶע הִילְף
(יְשׁוּעָה) :
3 דַארִיבֶּער וֶועט אִיהְר מִיט פְרֵייד
שֶׁעפֶּען פוּן דִיא קְוֶועלֶען פוּן הִילְף :
4 אוּנְד אִין יֶענֶעם טָאג וֶועט אִיהְר
זָאגֶען, לוֹיבְּט גָאט, רוּפְט אוֹיס זַיין
נָאמֶען, מַאכְט בֶּעקַאנְט צְוִוישֶׁען דִיא
פֶעלְקֶער זַיינֶע וֶוערְק, דֶערְמַאנְט אַז
זַיין נָאמֶען אִיז דֶערְהוֹיבֶּען :
5 זִינְגְט צוּ גָאט ; וָוארִין עֶר הָאט
גְרוֹיסֶעס גֶעטְהוּן, דָאס אִיז בֶּעקַאנְט
אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט :
6 שְׁרֵייא אוֹיס אוּנְד זִינְג דוּא בֶּע־
וָואוֹינֶערִין פוּן צִיוֹן, וָוארִין דֶער הֵיי־
לִיגֶער פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז גְרוֹיס אִין דֵיינֶער
מִיטֶען :

## קאפיטעל יג

1 דִיא נְבוּאָה אִיבֶּער בָּבֶל וָואס
יְשַׁעְיָהוּ דֶער זוּהְן פוּן אָמוֹץ הָאט
גֶעזֶעהֶען :
2 אוֹיף אַ הוֹיכֶען בַּארְג הֵייבְּט אוֹיף
אַ פָאהְן, הֵייבְּט אוֹיף צוּ זֵייא אֵיין קוֹל,
שָׁאקֶעל (וִוינְק) מִיט דִיא הַאנְד, אַז
זֵייא זָאלֶען אַרֵיינְקוּמֶען דוּרְךְ דִיא
טוֹירֶען פוּן דִיא גְרוֹיסֶע לֵייט :
3 אִיךְ הָאבּ מֵיינֶע הֵיילִיגֶע גֶעבָּאטֶען,
אִיךְ הָאבּ אֵייךְ מֵיינֶע גִבּוֹרִים גֶערוּפֶען
צוּ מֵיין צָארְן, זַאגַאר דִיא וָואס פְרֵייעֶן
זִיךְ וֶועגֶען מֵיינֶע הוֹיכְהֵייט :
4 עֶס אִיז אַ גֶעטִימֶעל אוֹיף דִיא
בֶּערְג, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא פוּן אַ גְרוֹיס
פָאלְק, אֵיין רַעשׁ פוּן קֶענִיגְרֵייכֶע פוּן
פֶערְזַאמֶעלְטֶע פֶעלְקֶער ; יְהֹוָה צְבָאוֹת
מוּסְטֶערְט דָאס חַיִל וִויא צוּ דֶער
מִלְחָמָה :
5 זֵייא קוּמֶען פוּן אַ וֵוייטֶען לַאנְד,
פוּן דֶעם עֶק הִימֶעל, יַא, גָאט אַלֵיין,
מִיט דִיא וֶוערְקְצֵייג פוּן זַיין צָארְן,
דָאס גַאנְצֶע לַאנְד צוּ פֶערְדַארְבֶּען :
6 קְלָאגְט, וָוארִין דֶער טָאג פוּן יְהֹוָה
אִיז נָאהֶענְט, עֶר קוּמְט וִויא אַ צֶערְ־
שְׁטֶערוּנְג פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען :
7 דַארוּם וֶועלֶען אַלֶע הֶענְד שְׁוַואךְ
וֶוערֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶענְס הַארְץ וֶועט
שְׁמֶעלְצֶען (צוּגֵיין) :
8 זֵייא וֶועלֶען דֶערְשְׁרָאקֶען וֶוערֶען,
קְרֶעמְפְּפֶען אוּנְד וֵוייעֶן וֶועט זֵייא אָנְ־
חַאפֶּען, זֵייא וֶועלֶען זַיין אִין וֵוייעֶן
(קְרֵייסֶען) וִויא אַ גֶעווִינֶערִין וָואס גֵייט
צוּ גֶעבּוּרְט ; זֵייא וֶועלֶען זִיךְ אֵיינֶער
אִיבֶּער דֶעם אַנְדֶערֶען וְואוּנְדֶערְן, זֵייעֶר
פָּנִים וֶועט זַיין אַזוֹי וִויא פְלַאמֶען :
9 זֶעה, דֶער טָאג פוּן יְהֹוָה קוּמְט,
אוּנְדֶערְבַּארְמְדִיג, מִיט אַ גְרִים אוּנְד
בְּרֶענֶענְדִיגֶער צָארְן, כְּדֵי דָאס לַאנְד
צוּ פֶערְווִיסְטֶען, אוּנְד עֶר וֶועט פֶערְ־
טִילְגֶען דִיא זִינְדֶער דַארוּן :

ווארין

10 וָוארין דִיא שְׁטֶערְן אוּנְד דִיא
מַזָלוֹת פוּן דֶעם הִימֶעל וֶועלֶען נִיט
לָאזֶען לֵייכְטֶען זֵייעֶר לִיכְט; דִיא זוּן
וֶועט פִינְסְטֶער וֶוערֶען בֵּייא זַיין אוֹיפְ־
גֵיין, אוּנְד דִיא לְבָנָה וֶועט נִיט לָאזֶען
אִיהְר לִיכְט צוּ לֵייכְטֶען:
11 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיא וֶועלְט שְׁטְרָא־
פֶען אִיבֶּער דָאס שְׁלֶעכְטֶע, אוּנְד דִיא
רְשָׁעִים וֶועגֶען זֵייעֶרֶע זִינְד, אוּנְד אִיךְ
וֶועל מַאכֶען אוֹיפְהֶערֶען דֶעם שְׁטָאלְץ
פוּן דִיא הוֹיכְמִיטִיגֶע, אוּנְד דֶעם
שְׁטָאלְץ פוּן דִיא גֶעוַואלְטִיגֶע וֶועל אִיךְ
דֶערְנִידְרִיגֶען:
12 אוּנְד אִיךְ וֶועל דֶעם מַאן טֵייעֶרֶער
מַאכֶען וִויא פֵיינְגָאלְד, זָאגַאר דֶעם
מֶענְשׁ מֶעהְר וִויא דָאס גָאלְד פוּן
אוֹפִיר:
13 דַארוּם וֶועל אִיךְ דֶעם הִימֶעל
צִיטֶערְן מַאכֶען, אוּנְד דִיא עֶרְד וֶועט
זִיךְ אַוֶועקְרִיהְרֶען פוּן אִיהְר אָרְט,
וֶועגֶען דֶעם גְרִימְצָארְן פוּן יְהֹוָה צְבָאוֹת
אִין דֶעם טָאג פוּן זַיין הֵייסֶען צָארְן:
14 אוּנְד מֶען וֶועט זַיין וִויא אַ פֶערְ־
יָאגְטֶער הִירְשׁ, אוּנְד וִויא שָׁאף וָואס
וֶוערֶען נִיט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט, אִיטְלִיכֶער
וֶועט זִיךְ קֶעהְרֶען צוּ זַיין אֵייגֶען
פָאלְק, אוּנְד אִיטְלִיכֶער וֶועט עֶנְטְלוֹי־
פֶען צוּ זַיין אֵייגֶען לַאנְד:
15 אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט גֶעפוּנֶען
וֶוערֶען וֶועט דוּרְכְגֶעשְׁטָאכֶען וֶוערֶען,
אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט גֶעכַאפְּט וֶוע־
רֶען וֶועט פַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְט:
16 אוּנְד זֵייעֶרֶע יוּנְגֶע קִינְדֶערְלֶעךְ
וֶועלֶען צוּפִיצֶעלְט וֶוערֶען פַאר זֵייעֶרֶע
אוֹיגֶען, זֵייעֶרֶע הֵייזֶער וֶועלֶען בֶּערוֹיבְּט
וֶוערֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע וַוייבֶּער בֶּעשְׁלָאפֶען
וֶוערֶען:
17 זָעה, אִיךְ וֶועל קֶעגֶען זֵייא דֶערְ־
וֶועקֶען דֶעם מָדַי, וָואס וֶועלֶען נִיט
אַכְטֶען זִילְבֶּער, אוּנְד אַן גָאלְד הָאבֶּען
זֵייא (אוֹיךְ) קֵיין בֶּעגֶעהְר:
18 זֵייעֶרֶע בּוֹיגֶען צוּפִיצֶלֶען דִיא יוּנְגֶע
לַייט, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ נִיט מְרַחֵם
זַיין אִיבֶּער דִיא פְרוּכְט פוּן דֶעם לֵייבּ,
אִיבֶּער קִינְדֶער וֶועט זִיךְ זֵייעֶר אוֹיג
נִיט דֶערְבַּארְמֶען:
19 אוּנְד בָּבֶל, וָואס אִיז דִיא צִירוּנְג
פוּן קֶענִיגְרֵייכֶע, דִיא שֵׁיינֶע גְרוֹיסְקֵייט
פוּן דִיא כַּשְׂדִים וֶועט זַיין אַזוֹי וִויא
וֶוען גָאט הָאט אִיבֶּערְגֶעקֶעהְרְט סְדוֹם
אוּנְד עֲמוֹרָה:
20 זִיא וֶועט קֵיינְמָאל נִיט בֶּעווֹאוּנְט
וֶוערֶען, אוּנְד קֵיינֶער וֶועט אִין אִיהְר
נִיט וְואוֹינֶען פוּן דוֹר צוּ דוֹר, אוּנְד
קֵיין עֲרָבִי וֶועט דָארְט נִיט אוֹיפְשְׁטֶע־
לֶען זַיין גֶעצֶעלְט, אוּנְד קֵיינֶע פַּאסְטוּ־
כֶער וֶועלֶען נִיט זֵייעֶרֶע שָׁאף דָארְט
לַאגֶערְן מַאכֶען:
21 נֵייעֶרְט וִוילְדֶע חַיוֹת פוּן דֶע
מִדְבָּר וֶועלֶען זִיךְ דָארְטֶען לַאגֶערְן,
אוּנְד זֵייעֶרֶע הֵייזֶער וֶועלֶען זַיין פוּל
מִיט אֵיילֶען (אוֹחִים) אוּנְד יוּנְגֶע
שְׁטְרוֹיסֶען וֶועלֶען דָארְטֶען וְואוֹינֶען,
אוּנְד דִיא טֵייפֶעל (אוּמְרֵיינֶע רוּחוֹת)
וֶועלֶען דָארְטֶען אַרוּמְטַאנְצֶען:
22 אוּנְד וִוילְדֶע קֶעץ וֶועלֶען שְׁרֵייעֶן
אִין זֵייעֶרֶע פַּאלַאצֶען, אוּנְד דְרַאכֶּען־
שְׁלַאנְגֶען אִין זֵייעֶרֶע לוּסְטבַּארֶע טֶעמְ־
פֶּעלְן; אוּנְד זֵייעֶרֶע צֵייט אִיז נָאהֶענְט
אָנְצוּקוּמֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע טֶעג וֶועלֶען
זִיךְ נִיט פֶערְלֶענְגֶערְן:

קאפיטעל יד

1 אָבֶּער גָאט וֶועט זִיךְ מְרַחֵם זַיין
אִיבֶּער יַעֲקֹב, אוּנְד עֶר וֶועט נָאךְ אַ מָאל


אויסדערוויילען

אויסדערוויילען ישראל, אונד ער וועט
זיא (ווידער) איינזעצען אין זייער
לאנד, אונד דער גר וועט זיך צו זיא
בעהעפטען, אונד זיא וועלען זיך
אנשליסען צו דעם הויזגעזינד פון
יעקב :
2 אונד פעלקער וועלען זיא נעמען
אונד וועלען זיא ברענגען צו זייער
ארט, אונד דאס הויזגעזינד פון ישראל
וועלען זיא ירשנ'ן אין דעם לאנד פון
יהוה אלס קנעכט אונד דינסטמיידען,
אונד זיא וועלען געפאנגען נעמען
דיא וואס האבען זיא געפאנגען גע־
האלטען, אונד זיא וועלען געוועלטיגען
איבער זייערע בעצווינגערס :
3 אונד עס וועט זיין אין דעם טאג
ווען גאט וועט דיר געבען רוה פון
דיינע מיהע אונד פון דיין ציטערן,
אונד פון דער ארבייט מיט וואס מען
האט דיך געמאכט דינען (ארבייטען) :
4 אזוי זאלסט דוא אויפהייבען דאס
משל קעגען דעם מלך פון בבל, אונד
זאגען—וויא האט דער בעצווינגער
אויפגעהערט ! דער גאלדפרעסער האט
אויפגעהערט !
5 גאט האט צובראכען דעם שטעקען
פון דיא רשעים, אונד דיא רוט פון
דיא געוועלטיגערס :
6 דער וואס האט דיא פעלקער גע־
שלאגען מיט א צארן, א שלאג אהן
אויפהערען, דער וואס געוועלטיגט
איבער דיא אומות מיט צארן, ווערט
נאכגעיאגט אונד קיינער פערוועהרט
עס :
7 דיא גאנצע ערד איז רוהיג אונד
שטיל געבליבען, זיא ברעכען אויס
אין דעם געזאנג :
8 אויך דיא בוקסביימער פרייען זיך
איבער דיר, אונד דיא טאנענביימער
פון לבנון, (אונד זאגען) : זייט דעם
דוא האסט דיך געלייגט טהוט ניט
דער פערשניידער איבער אונס
אויפגיין ?
9 דאס גיהנם פון אונטען וועט
ציטערן פאר דיר, ענטקעגען דיין
אנקומען, מען האט דערוועקט דיא
טויטע, אלע הארען פון דעם לאנד,
אונד מען האט אויפגעשטעלט פון
זייערע שטוהלען אלע מלכים פון דיא
פעלקער :
10 דיא אלע וועלען ענטפערן אונד
זיא וועלען צו דיר זאגען, ביזט דוא
אויך קראנק געווארען וויא מיר ? ביזט
דוא צו אונס געגליכען געווארען ?
11 דיינע גרויסקייט איז ארופגענידערט
אין דעם שאול, אונד דאס ברומען
פון דיינע פידעלן, אונטער דיר זענען
ווערם אויסגעבעט, אונד דיינע צודעק
זענען (אויך) ווערם :
12 אוי, וויא ביזט דוא ארופגעפאלען
פון דעם הימעל, דוא ליכטיגער מארר־
געגשטערן ! וויא ביזט דוא אפגעהאקט
געווארען צו דער ערד, דוא וואס דוא
האסט דיא פעלקער שוואך געמאכט !
13 אונד דוא האסט געזאגט אין דיין
הארץ, איך וועל ארויפגיין צו דעם
הימעל איך וועל אויפהייבען מיין
שטוהל העכער וויא דיא שטערן פון
גאט, אונד איך וועל זיצען אויף דעם
בארג פון דער פערזאמלונג אן דער
צפון־זייט :
14 איך וועל ארויפגיין איבער דיא
הייך פון דיא וואלקען, אונד איך וועל
גליך זיין צו דעם אויבערשטען :

15 אָבֶער דוּא וֶועסְט אַרוּפְּגִידֶערְן בִּיז
צוּ דֶעם שְׁאוֹל (גֵיהִנָּם), בִּיז צוּ דִיא
זַייטֶען פוּן דֶער גְרוּבּ׃

16 דִיא וָואס זֶעהֶען דִיךְ וֶועלֶען דִיךְ
אָנְקוּקֶען, אוּנְד דִיךְ בֶּעטְרַאכְטֶען,
(אוּנְד וֶועלֶען זָאגֶען), אִיז דָאס דֶער
מַאן וָואס הָאט גֶעמַאכְט דִיא עֶרְד
צִיטֶערְן, אוּנְד הָאט גֶעמַאכְט שְׁטוּרְמֶען
קֶענִגְרֵייכֶען?

17 וָואס הָאט גֶעמַאכְט דִיא וֶועלְט
וִויא אַ מִדְבָּר אוּנְד הָאט צוּבְּרָאכֶען
זַיינֶע שְׁטֶעט, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶער־
לָאזְט אוֹיפְמַאכֶען דִיא טִהִיר פַאר
זַיינֶע גֶעבּוּנְדֶענֶע?

18 אַלֶע מְלָכִים פוּן דִיא פֶעלְקֶער,
וָואנַאר אַלֶע לִיגֶען אִין זֵייעֶר כָּבוֹד,
אִיטְלִיכֶער אִין זַיין הוֹיז׃

19 אָבֶער דוּא בִּיזְט אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען
פוּן דֵיין קֶבֶר, אַזוֹי וִויא אַיין פֶערְ־
אוּמְווירְדִיגֶער צְוַוייג, מִיט אַ קְלֵייד פוּן
דִיא הֲרוּגִים וָואס זֶענֶען דֶערשְׁטָאכֶען
מִיט אַ שְׁוֶוערְד, וָואס טְהוּעֶן אַרוּפְּ־
נִידֶערְן צוּ דִיא שְׁטֵיינֶער פוּן דִיא גְרוּבּ,
אַזוֹי וִויא אַ צֶערטְרֶעטֶענֶער פֶּגֶר׃

20 דוּא וֶועסְט נִיט מִיט זֵייא גְלֵייךְ
זַיין אִין דֶער קְבוּרָה, וָוארִין דוּא הָאסְט
פֶערְדָארְבֶּען דֵיין לַאנְד, אוּנְד הָאסְט
גֶעהַרְגֶעט דֵיין פָאלְק, דֶער שְׁלֶעכְטֶער
זָאמֶען וֶועט נִיט אוֹיף אֵייבִּיג אַ נָאמֶען
הָאבֶּען׃

21 בְּרֵייט אָן אַ שֶׁעכְטוּנְג פַאר זַיינֶע
קִינְדֶער וֶועגֶען דֶער זִינְד פוּן זַיינֶע
עֶלְטֶערְן, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט אוֹיפְ־
שְׁטֵיין אוּנְד יַרְשְׁנֶען דָאס לַאנְד, אוּנְד
אָנְפִילֶען דִיא וֶועלְט מִיט שְׁטֶעט׃

22 וָוארִין אִיךְ וֶועל קֶעגֶען זֵייא אוֹיפְ־
שְׁטֵיין, זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת, אוּנְד אִיךְ
וֶועל פֶערְשְׁנֵיידֶען פוּן בָּבֶל דֶעם נָאמֶען
אוּנְד דִיא אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג, אוּנְד אַ זוּהְן
אוּנְד אַיין אֵיינִיקֶעל, זָאגְט יְהוָֹה׃

23 אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ מַאכֶען פַאר
אַ יְרוּשָׁה פוּן אִיגְלֶען, אוּנְד וַואסֶער
זוּמְפֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא אוֹיסְקֶעהְרֶען
מִיט אַ בֶּעזֶעם פוּן פֶערְטִילְגוּנְג, זָאגְט
יְהוָֹה צְבָאוֹת׃

24 יְהֹוָה צְבָאוֹת הָאט גֶעשְׁוָוארֶען,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זִיכֶערְלִיךְ, אַזוֹי וִויא
אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט אַזוֹי וֶועט עֶס זַיין,
אוּנְד אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ מִיךְ בֶּערָאטֶען
אַזוֹי וֶועט עֶס בֶּעשְׁטֵיין׃

25 אַז אִיךְ וֶועל אַשּׁוּר צֶערְבְּרֶעכֶען
אִין מֵיין לַאנְד, אוּנְד אוֹיף מֵיינֶע
בֶּערְג וֶועל אִיךְ אִיהְם צֶערטְרֶעטֶען,
אוּנְד עֶס זָאל פוּן זֵייא אָפְּגֶעטְהוּן
וֶוערֶען דָאס יָאךְ, אוּנְד זַיינֶע לַאסְט
זָאל אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען פוּן זַיינֶע
אַקְסְלֶען׃

26 דִיא דָאזִיגֶע אִיז דִיא עֵצָה וָואס
אִיז גֶערָאטֶען אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען
לַאנְד, אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע אִיז דִיא
הַאנְד וָואס אִיז אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט אִיבֶּער
אַלֶע פֶעלְקֶער׃

27 וָוארִין יְהוָֹה צְבָאוֹת הָאט עֶס
בֶּערָאטֶען, אוּנְד וֶוער קֶען עֶס צֶער־
שְׁטֶערֶען? אוּנְד זַיינֶע הַאנְד אִיז
אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּנְד וֶוער קֶען עֶס
אוּמְקֶעהְרֶען?

28 אִין דֶעם יָאהְר וֶוען דֶער מֶלֶךְ
אָחָז אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִיז דִיא דָאזִיגֶע
נְבוּאָה גֶעוֶועזֶען׃

29 דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט גַאנְץ פְרֵייעֶן
פְּלִשְׁתִּים, דָאס דִיא רוּט פוּן דֵיינֶע
שְׁלֶעגֶער אִיז צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען,
וָוארִין פוּן דִיא וָוארְצֶעל פוּן דֶער

שְׁלַאנְג וֶועט אַרויסְגֵיין אַ פַּארְבִּיגֶע
שְׁלַאנְג, אוּנְד זַיינֶע פְּרוּכְט וֶועט זַיין אַ
פֵייעֶרִיגֶע פְלִיהֶענְדֶע שְׁלַאנְג׃
30 אוּנְד דִיא בְּכוֹרִים פוּן דִיא אָרֶעמֶע
לַייט וֶועלֶען זִיךְ דֶערְנֶעהְרֶען, אוּנְד
דִיא בֶּעדִירְפְטִיגֶע (אֶבְיוֹנִים) וֶועלֶען זִיךְ
אִין זִיכֶערְהֵייט אַנִידֶערְלֵייגֶען, אוּנְד
אִיךְ וֶועל טֵייטֶען דוּרְךְ הוּנְגֶער דֵיינֶע
וָוארְצֶעל, אוּנְד עֶר וֶועט דֵיינֶע אִיבֶּערְ־
בְּלֵייבוּנְג הַרְגֶ'נֶען׃
31 קְלָאג דָאךְ, אָ טוֹיעֶר! שְׁרֵייא, אָ
שְׁטָאט! דוּא פְּלִשְׁתִּים בִּיזְט אִים
גַאנְצֶען צוּגַאנְגֶען גֶעוָוארֶען; וָוארִין
אַ רוֹיךְ וֶועט קוּמֶען פוּן צָפוֹן זַייט,
אוּנְד קֵיינֶער וֶועט זַיין אַלֵיין אִין זַיינֶע
צֵייטֶען׃
32 אוּנְד וָואס וֶועט מֶען עֶנְטְפֶערְן
צוּ דִיא שְׁלוּחִים פוּן דֶעם פָאלְק? דָאס
גָאט הָאט גֶעגְרוּנְדֶעפֶעסְטִיגְט צִיּוֹן, אוּנְד
דִיא אָרֶעמֶע פוּן זַיין פָאלְק וֶועלֶען זִיךְ
אִין אִיהְר בֶּעשִׁיצֶען׃

קאפיטעל טו

1 דִיא נְבוּאָה אִיבֶּער מוֹאָב, וַוייל עָר
אִין מוֹאָב אִיז אִין דֶער נַאכְט צוּשְׁטֶערְט
גֶעוָוארֶען, (אַזוֹי וִויא) אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען,
וַוייל אִין דֶער נַאכְט אִיז קִיר אִין
מוֹאָב צוּשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען, (אַזוֹי וִויא)
אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען׃
2 עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ בַּיִת
אוּנְד צוּ דִיא בָּמוֹת נָאךְ דִיבוֹן צוּ
וויינֶען, מוֹאָב וֶועט וויינֶען אִיבֶּער נְבוֹ
אוּנְד אִיבֶּער מֵידְבָא. אִין אַלֶע זַיינֶע
קֶעפּ אִיז אַ קָאהְלְהֵייט, אַלֶע בֶּערְט
זֶענֶען אוֹיסְגֶעגְרִיסֶען׃
3 אִין זַיינֶע גַאסֶען וֶועלֶען זֵייא זִיךְ
אָנְגַארְטֶעלְן מִיט זֶעק, אוֹיף זֵיירֶע
דֶעכֶער אוּנְד אִין זֵייעֶרֶע גַאסֶען וֶועלֶען
אַלֶע קְלָאגֶען, זֵייא קוּמֶען אַרוּפּ מִיט
גֶעוויין׃
4 אוּנְד חֶשְׁבּוֹן וֶועט שְׁרֵייעֶן, אוּנְד
אֶלְעָלֵה, בִּיז צוּ יַהַץ וֶועט זֵייעֶר קוֹל
גֶעהֶערְט וֶוערֶען, דָארוּם וֶועלֶען אוֹיךְ
דִיא גֶעוַואפֶּענְטֶע פוּן מוֹאָב אוֹיסְ־
שְׁרֵייעֶן, זַיין נֶפֶשׁ שְׁרֵייעֶט אוֹיף זִיךְ
זֶעלְבֶּער׃
5 מֵיין הַארְץ וֶועט אוֹיפְשְׁרֵייעֶן אִיבֶּער
מוֹאָב, אִיהְרֶע עֶנְטְלָאפֶענֶע זֶענֶען בִּיז
נָאךְ צוֹעַר (וִויא) אַ דְרֵייא יֶעהְרִיגֶעס
קָאלְבּ, וָוארִין דָאס אַרוֹיפְגֵיין נָאךְ
לוּחִית (וֶועט זַיין) דָאס אַרוֹיפְגֵיין מִיט
גֶעוויין, וָוארִין אוֹיף דֶעם וֶועג נָאךְ
חוֹרֹנַיִם וֶועט מֶען שְׁרֵייעֶן אַ גֶעשְׁרֵייא
פוּן פֶערְבְּרֶעכֶענִים׃
6 וָוארִין דִיא וַואסֶער פוּן נִמְרִים
וֶועלֶען זַיין וִויסְט, וַוייל דָאס גְרָאז וֶועט
פֶערְטְרִיקֶענְט וֶוערֶען, דָאס גְרִינֶע
גְרָאז וֶועט פֶערְלֶענְט וֶוערֶען, עֶס וֶועט
(גָאר) קֵיין גְרִינֶעס זַיין׃
7 דַארוּם דָאס וָואס זֵייא הָאבֶּען עֶרְ־
וָוארְבֶּען אוּנְד וָואס זֵייא הָאבֶּען
אָפְּגֶעלֵייגְט וֶועלֶען זֵייא אַוֶועקְטְרָאגֶען
אִיבֶּער דֶעם טֵייךְ פוּן דִיא וֶוערְבֶּע
בֵּיימֶער׃
8 וָוארִין דָאס גֶעשְׁרֵייא הָאט אַרוּמְ־
גֶערִינְגֶעלְט דִיא גְרֶענֶעץ פוּן מוֹאָב,
בִּיז נָאךְ אֶגְלַיִם אִיז גֶעוֶועזֶען אִיהְר
קְלָאג, אוּנְד אִין בְּאֵר אֵלִים אִיז אִיהְר
קְלָאג גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען׃
9 וַוייל דָאס וַואסֶער פוּן דִימוֹן אִיז
פוּל מִיט בְּלוּט, וָוארִין אִיךְ וֶועל מַאכְ־
כֶען אִיבֶּער דִימוֹן אֵיינֶע אֵיינְזַאמְלוּנְג,
צוּ דִיא וָואס וֶועלֶען עֶנְטְרִינֶען פוּן
מוֹאָב לֵייבֶּען, אוּנְד צוּ דִיא אִיבֶּער־
בְּלֵייבּוּנְג פוּן דֶעם לַאנְד׃

## קאפּיטעל טז

1 שִׁיקְט דָאס לַאם צוּ דֶעם הֶערְשֶׁער
פוּן דֶעם לַאנְד פוּן סֶלַע נָאךְ דֶער
מִדְבָּר, צוּ דֶעם בַּארְג פוּן דֶער טָאכְטֶער
צִיוֹן׃
2 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, אַזוֹי וִויא אֵיין
פֶערְוָואגֶעלְטֶער פוֹיגֶעל וָואס אִיז
אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט פוּן דֶעם נֶעסְט אַזוֹי
וֶועלֶען זַיין דִיא טֶעכְטֶער פוּן מוֹאָב
בֵּייא דִיא אִיבֶּערְפָאהְרְטֶען פוּן אַרְנוֹן׃
3 נֶעמְט עֵצָה, טְהוּא מִשְׁפָּט, מַאךְ
דֵיין שָׁאטֶען אִין מִיטֶען טָאג, אַזוֹי וִויא
אִין דֶער נַאכְט בֶּעהַאלְט דִיא פֶערְ־
שְׁטוֹיסֶענֶע, דֶעם פֶערְוָואגֶעלְטֶען זָאלְסְט
דוּא נִיט מְגַלֶה זַיין׃
4 לָאזֶען מֵיינֶע פֶערְשְׁטוֹיסֶענֶע בֵּייא
דִיר וְואוֹינֶען, מוֹאָב; זַייא אַ פֶערְ־
בָּארְגוּנְג צוּ זַייא פַאר דֶעם רוֹיבֶּער,
וָוארִין דֶער אוֹיסְקְוֶועטְשֶׁער הָאט אֵיין
עֶנְד, דֶער צֶערְשְׁטֶערֶער הָאט אִים
גַאנְצֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט, אוּנְד דִיא
טְרֶעטֶער פוּן דֶעם לַאנְד׃
5 אוּנְד דֶער טְרוֹין־שְׁטוּהְל וֶועט
אָנְגֶעגְרִיכְט וֶוערֶען מִיט חֶסֶד, אוּנְד עֶר
וֶועט אוֹיף אִיהְם זִיצֶען מִיט אֶמֶת אִין
דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דָוִד, עֶר וֶועט זַיין
אַ שׁוֹפֵט אוּנְד וֶועט פָארְשֶׁען מִשְׁפָּט
אוּנְד וֶועט זִיךְ אֵיילֶען צוּ טְהוּן גֶער־
רֶעכְטִיגְקֵייט׃
6 מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט פוּן דֶער
שְׁטָאלְצְהֵייט פוּן מוֹאָב, עֶר אִיז זֶעהְר
שְׁטָאלְץ, פוּן זֵיינֶע גַאֲוָה אוּנְד זֵיינֶע
שְׁטָאלְצְהֵייט אוּנְד פוּן זַיין צָארְן, זֵיינֶע
גֶעדַאנְקֶען זָאלֶען נִיט אַזוֹי זַיין׃
7 דַארִיבֶּער וֶועט מוֹאָב קְלָאגֶען אִיבֶּער־
מוֹאָב, אַלֶע וֶועלֶען קְלָאגֶען, אִיבֶּער
דִיא פוּנְדַאמֶענְטֶען פוּן דֶער (שְׁטָאט)
קִיר חַרֶשֶׂת וֶועט אִיהְר קְלָאגֶען, זֵייא
זֶענֶען גֶעוִויס דֶערְשְׁלָאגֶענֶע׃
8 וָוארִין דִיא פֶעלְדֶער פוּן חֶשְׁבּוֹן
זֶענֶען פֶערשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא
צְוַוייגֶען פוּן דֶעם וֵויינְשְׁטָאק פוּן שִׂבְמָה
הָאבֶּען דִיא הַארֶען פוּן דִיא גוֹיִם צוּ־
קְלַאפְּט, בִּיז נָאךְ יַעְזֵר הָאבֶּען זֵייא
אָנְגֶערִיהְרְט, זֵייא זֶענֶען פֶערְאִירְט
גֶעוָוארֶען אִין דֶער מִדְבָּר, זֵייעֶרֶע צְוַוייגֶען
וַוארֶען אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט, זֵייא זֶענֶען
אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם יַם׃
9 אִיבֶּער דֶעם וֶועל אִיךְ וֵויינֶען מִיט
יַעְזֵר'ס גֶעוֵויין וֶועגֶען דֶעם וֵויינְשְׁטָאק
פוּן שִׂבְמָה, אִיךְ וֶועל דִיךְ בֶּעוַואסֶערְן
מִיט מֵיינֶע טְרֶערֶען, אָ חֶשְׁבּוֹן אוּנְד
אֶלְעָלֵה, וָוארִין אוֹיף דֵיינֶע זוּמֶער
פֵּרוֹת אוּנְד אוֹיף דֵיין שְׁנִיט אִיז אַ
גֶעשְׁרֵייא (הֵידָד) גֶעפַאלֶען׃
10 אוּנְד דִיא שִׂמְחָה וֶועט אוֹיפְהֶערֶען,
אוּנְד דִיא פְרֵייד פוּן דֶעם פְרוּכְט־
בַּארֶען אָרְט, אוּנְד אִין דִיא וֵויינְגֶערְטֶען
וֶועט נִיט גֶעזוּנְגֶען וֶוערֶען, אוּנְד עֶס
וֶועט אוֹיךְ נִיט גֶעשַׁאלְט וֶוערֶען, דֶער
טְרֶעטֶער וֶועט נִיט אוֹיסְטְרֶעטֶען קֵיין
וֵויין אִין דִיא קֶעלְטֶער, אִיךְ הָאבּ גֶע־
מַאכְט אוֹיפְהֶערֶען דָאס גֶעשְׁרֵייא
הֵידָד!
11 דַארִיבֶּער טְהוּעֶן מֵיינֶע גֶעדֶערְם
קְלָאגֶען אִיבֶּער מוֹאָב אַזוֹי וִויא אַ
פִידֶעל בְּרוּמְט, אוּנְד מֵיין אִינֶעוֵוייניגֶעס
וֶועגֶען קִיר חָרֶשׂ׃
12 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, וֶוען עֶס וֶועט
זִיךְ אַרוֹיסְוֵוייזֶען אַז מוֹאָב אִיז מִיד
גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער הֵייךְ, אַזוֹי וֶועט
עֶר אַרֵיינְקוּמֶען אִין זַיין הֵיילִיגֶען אָרְט
צוּ בֶּעטֶען, אָבֶּער עֶר וֶועט נִיט קֶענֶען
בֵּייקוּמֶען׃

13 דָאס אִיז דָאס וָוארְט וָואס יְהֹוָה
הָאט גֶערֶעט וֶועגֶען מוֹאָב פוּן אַ לַאנְגֶע
צַייט אָן׃
14 אָבֶּער אַצוּנְד הָאט גָאט גֶערֶעט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען,– אִין דְרַייא יָאהְר אַרוּם,
אַזוֹי וִויא דִיא יָאהְרֶען פוּן אַ גֶעדִינְגֶענֶעם
וֶועט דֶער כָּבוֹד פוּן מוֹאָב גְרִינְג
וֶוערֶען, מִיט דֶער גַאנְצֶען מַאסֶע
מֶענְשֶׁען, אוּנְד דִיא אִיבֶּערבְּלַייבוּנְג
וֶועט זַיין זֶעהְר וֵוינִיג אוּנְד שְׁוַואך׃

## קאפיטעל יז

1 דִיא נְבוּאָה אִיבֶּער דַמֶשֶׂק,–זֶעה
דַמֶשֶׂק אִיז אָפְּגֶעטְהוּן פוּן צוּ זַיין אַ
שְׁטָאט, אוּנְד זַייא וֶועלֶען זַיין אַ טִיפֶע
אֵיינְפַאלוּנְג׃
2 דִיא שְׁטֶעט פוּן עֲרוֹעֵר זֶענֶען פֶערְ־
לָאזֶען גֶעוָוארֶען, זַייא וֶועלֶען זַיין פַאר
דִיא בְּהֵמוֹת, זַייא וֶועלֶען זִיך דָארְט
אַנִידֶערְלֵייגֶען אוּנְד קֵיינֶער וֶועט זַייא
דֶערשְׁרֶעקֶען׃
3 דִיא פֶעסְטֶע שְׁטֶעט פוּן אֶפְרַיִם
וֶועלֶען אוֹיפְהֶערֶען, אוּנְד דָאס קֶענִיג־
רַייך פוּן דַמֶשֶׂק אוּנְד אוֹיך דָאס
אִיבְּרִיגֶע פוּן אֲרָם, זַייא וֶועלֶען זַיין
אַזוֹי וִויא דֶער כָּבוֹד פוּן דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל, זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת׃
4 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג, אַזוֹי וֶועט אוֹיך דֶער כָּבוֹד פוּן
יַעֲקֹב פֶערְאָרֶעמְט וֶוערֶען, אוּנְד דִיא
פֶעטִיגְקֵייט פוּן זַיין פְלֵיישׁ וֶועט מָאגֶער
וֶוערֶען׃
5 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַזוֹי וִויא דֶער
שְׁנֵיידֶער זַאמֶעלְט אֵיין דִיא תְּבוּאָה,
אוּנְד דָאס שְׁטֵייעֶנְדִיגֶע קָארְן, אוּנְד
שְׁנֵייט מִיט זַיין אָרֶעם דִיא זַאנְגֶען,
אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַזוֹי וִויא מֶען
קְלוֹיבְּט אֵייף דִיא זַאנְגֶען אִין דֶעם
טְהָאל רְפָאִים׃
6 דָאך וֶועלֶען דַארִין אִיבֶּערְבְּלַייבֶּען
קְלֵיינֶע וַויינְטְרוֹיבֶּען, אַזוֹי וִויא פוּן אֵיין
אָפְּגֶעשָׁאקֶעלְטֶען אֵיילְבֶּערְטבּוֹים, צְוַוייא
אָדֶער דְרַייא (קְלֵיינֶע) אֵיילְבֶּערְטֶען
אוֹיף דִיא גַאנְץ אוֹיבֶּערְשְׁטֶע צְוַויינֶען,
פִיעֶר אָדֶער פִינְף אִין פְּרוּכְטבַּארְסְטֶע
צְוַויינֶען, זָאגְט יְהֹוָה, דֶער גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל׃
7 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועט זִיך
דֶער מֶענְשׁ קֶעהְרֶען צוּ זַיין בֶּעשֶׁעפֶער,
אוּנְד זַיינֶע אוֹיגֶען וֶועלֶען
אַהִינְזֶעהֶען צוּ דֶעם הֵיילִיגֶען פוּן
יִשְׂרָאֵל׃
8 אוּנְד עֶר וֶועט זִיך שׁוֹין נִיט מֶעהְר
קֶעהְרֶען צוּ דִיא מִזְבְּחוֹת וָואס זַיינֶע
הֶענְד הָאבֶּען גֶעמַאכְט, אוּנְד דָאס
וָואס זַיינֶע פִינְגֶער הָאבֶּען גֶעמַאכְט
וֶועט עֶר נִיט מֶעהְר אָנְזֶעהֶען, אוֹיך
נִיט דִיא לִינְדֶענְבֵּיימֶער אוּנְד דִיא זוּנְ־
בִּילְדֶער׃
9 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועלֶען זַיינֶע
שְׁטַארְקֶע שְׁטֶעט זַיין וִויא דִיא פֶערְ־
לָאזֶענֶע וֶועלְדֶער, אוּנְד וִויא דִיא
הוֹיכֶע גְרִינֶע צְוַויינֶען וָואס זֶענֶען
פֶערְלָאזֶען גֶעוָוארֶען פוּן וֶועגֶען דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין צוּ
אַ פֶערְוִויסְטוּנְג׃
10 וַוייל דוּא הָאסְט פֶערְגֶעסֶען דֶעם
גָאט פוּן דֵיינֶע הִילְף, אוּנְד אַן דֶעם
פֶעלְז פוּן דֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט הָאסְט
דוּא נִיט גֶעדֶענְקְט, דָארוּם וֶועסְט דוּא
עֶס בֶּעפְּלַאנְצֶען מִיט לִיבְּלִיכֶע פְלַאנְצֶען,
אוּנְד דוּא וֶועסְט עֶס מִיט פְרֶעמְדֶע
צְוַוייגֶעלֶעך אֵיינְזֶעצֶען׃
11 אִין דֶעם טָאג פוּן דֵיין אֵיינְפְּלַאנְ־
צוּנְג מַאכְסְט דוּא עֶס שׁוֹין וַואקְסֶען,

אוּנְד אִין דֶעם מָארְגֶען בְּלִיהְט שׁוֹין
דַיין זָאמֶען, אָבֶּער אִין דֶער שְׁנִיטְצַייט
וֶועט עֶס זַיין אַן אַוֶועקְגֶערִיקְטֶער הוֹיפֶּען
וִויא אִין דֶעם טָאג פוּן שְׁטַארְקֶע
קְרַאנְקְהַייט אוּנְד וֵוייטָאג:
12 אוֹי וֵוייא! צוּ דִיא פָאלְקְסמַאסֶען,
וָואס מַאכֶען אַ לֶערְם וִויא דָאס רוֹישֶׁען
פוּן דֶעם יַם, אוּנְד דָאס בְּרוּמֶען פוּן
דִיא פֶעלְקֶער וִויא דָאס בְּרוּמֶען פוּן
פִילֶע וַואסֶערְן וָואס רוֹישֶׁען:
13 דִיא פֶעלְקֶער וֶועלֶען רוֹישֶׁען אַזוֹי
וִויא פִילֶע וַואסֶערְן רוֹישֶׁען, אָבֶּער
גָאט וֶועט זַייא אָנְשְׁרַייעֶן אוּנְד זַייא
וֶועלֶען מוּזֶען עֶנְטְלוֹיפֶען פוּן וַוייטֶען,
אוּנְד וֶועלֶען גֶעיָאגְט וֶוערֶען אַזוֹי וִויא
פְּלָאוִוי פוּן דִיא בֶּערְג פַאר דֶעם וִוינְד,
אוּנְד אַזוֹי וִויא אַ רוּנְדִיגֶע זַאךְ פַאר
דֶעם שְׁטוּרְמוִוינְד:
14 אוּנְד זֶעה, צוּ אָבֶּענְדְצַייט וֶועט
זַיין אַ שְׁרֶעקֶענִיס, אֵיידֶער עֶס וֶוערְט
פְרִיהְמָארְגֶען אִיז שׁוֹין נִיט מֶעהְר דָא,
דָאס אִיז דָאס חֵלֶק פוּן אוּנְזֶערֶע
רוֹיבֶּערְס, אוּנְד דָאס גוֹרָל פוּן דִיא
וָואס בֶּערוֹיבֶּען אוּנְס:

קאפיטעל יח

1 אוֹי וֵוייא! צוּ דֶעם לַאנְד וָואס
אִיז בֶּעשַׁאטֶענְט מִיט פְלִיגֶעל, וָואס
אִיז אוֹיף יֶענֶער זַייט פוּן דִיא טֵייכֶען
פוּן כּוּשׁ:
2 וָואס שִׁיקֶען שְׁלוּחִים אוֹיף דֶעם יַם,
אוּנְד אִין שִׁיפֶען פוּן פַּאפִּירָא אוֹיף
דִיא וַואסֶערְן, (אוּנְד זָאגֶען) גֵייט
אִיהְר גְרִינְגֶע שְׁלוּחִים צוּ אַ פָאלְק
וָואס זֶענֶען אָפְּגֶעצוֹיגֶען אוּנְד אָפְּגֶע־
פְלִיקְט, צוּ אַ פָאלְק וָואט אִיז פָארְכְטִיג
פוּן זַיין אָנְפַאנְג אוּנְד בִּיז אַהֶער, אַ
פָאלְק וָואס וֶועט אִיהְם גֶעמָאסְטֶען
אוּנְד צוּטְרֶעטֶען וֶועמֶעס לַאנְד דִיא
טֵייכֶען הָאבֶּען צוּשְׁפָּאלְטֶען:
3 אַלֶע בֶּעוואוֹינֶער פוּן דֶער וֶועלְט,
אוּנְד וָואס וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד
וֶוען מֶען וֶועט אוֹיפְהֵייבֶּען אַ פָאהְן
אוֹיף דִיא בֶּערְג זָאלְט אִיהְר עֶס זֶעהֶען,
אוּנְד וֶוען מֶען וֶועט שׁוֹפָר בְּלָאזֶען
זָאלְט אִיהְר עֶס הֶערֶען:
4 וָוארִין אַזוֹי הָאט יְהוָֹה צוּ מִיר
גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל שְׁטִיל צוּקוּקֶען אִין
מֵיינֶער וְואוֹינוּנְג אַזוֹי וִויא אַ קְלָארֶע
הִיץ וֶוען דִיא זוּן גֵייט אוֹיף, אוּנְד
אַזוֹי וִויא אַ וָואלְקֶען פוּן טוֹיא אִין
דֶער הִיץ פוּן שְׁנִיטְצַייט:
5 וָוארִין אֵיידֶער דִיא שְׁנִיטְצַייט, וֶוען
עֶס אִים גַאנְצֶען בְּלִיהְט, אוּנְד דִיא
אוּנְצֵייטִיגֶע טְרוֹיבֶּען וֶועלֶען צֵייטִיג
וֶוערֶען, וֶועט מֶען דִיא צְוֵוייגֶען אָפְּ־
שְׁנֵיידֶען מִיט אַ שְׁנֵיידְמֶעסֶער, אוּנְד
מֶען וֶועט אָפְּהַאקֶען אוּנְד אַוֶועקְנֶעמֶען
דִיא צְוֵוייגְלֶעךְ:
6 אוּנְד מֶען וֶועט זַייא פֶערְלָאזֶען צוּ
דִיא רוֹיבְּפֵייגֶעל פוּן דִיא בֶּערְג, אוּנְד
צוּ דִיא (ווִילְדֶע) בְּהֵמוֹת פוּן דֶעם
לַאנְד, אוּנְד דִיא רוֹיבְּפֵייגֶעל וֶועלֶען
דַארוֹיף זוּמֶערְן אוּנְד אַלֶע (ווִילְדֶע)
בְּהֵמוֹת פוּן דֶעם לַאנְד וֶועלֶען זִיךְ
דַארוֹיף ווִינְטֶערְן:
7 אִין דֶער דָאזִיגֶער צַייט וֶועט גֶע־
בְּרַאכְט וֶוערֶען אַ גֶעשֶׁענְק צוּ יְהוָֹה
צְבָאוֹת, פוּן אַ פָאלְק וָואס זֶענֶען
אָפְּגֶעצוֹיגֶען אוּנְד אָפְּגֶעפְלִיקְט, פוּן אַ
פָאלְק וָואס אִיז פָארְכְטִיג פוּן זַייעֶר
אָנְפַאנְג בִּיז אַהֶער, אַ פָאלְק וָואס וֶועט
אִיהְם גֶעמָאסְטֶען אוּנְד וֶועט צֶערְ־
טְרֶעטֶען, וֶועמֶעס לַאנְד דִיא טֵייכֶען
הָאבֶּען צוּשְׁפָּאלְטֶען צוּ דֶעם אָרְט פוּן

דעם נאָמען פון יְהוָה צְבָאוֹת, דעם
באַרג צִיוֹן׃

קאפיטעל יט

1 דיא נְבוּאָה איבּער מִצְרַיִם—זעה
גאָט רייט אויף אַ גרינגען וואָלקען,
אונד ער וועט קומען נאָך מִצְרַיִם,
אונד דיא אָפּגעטער פון מִצְרַיִם וועלען
פערוואַגעלט ווערען פאַר זיין פָּנִים,
אונד דאָס האַרץ פון מִצְרַיִם וועט אין
איהם צושמאָלצען ווערען׃
2 אונד איך וועל אָנרייצען מִצְרַיִם
קעגען מִצְרַיִם, אונד איינער וועט
קעגען דעם אַנדערן מִלְחָמָה האַלטען,
איינע שטאָט קעגען דיא אַנדערע
שטאָט, אונד איין קעניגרייך קעגען
דעם אַנדערן קעניגרייך׃
3 אונד דאָס געמיט פון מִצְרַיִם וועט
אויסגעליידיגט ווערען אין איהם, אונד
איך וועל פערדאַרבּען זיינע עֵצָה,
אונד זייא וועלען פאָרשען ביי דיא
אָפּגעטער, אונד ביי דיא כִּשׁוּף
מאַכערס, אונד ביי דיא טויטען־
בעשווערערס אונד דיא בויכרעדנערס׃
4 אונד איך וועל מִצְרַיִם איבּער־
ענטפערן אין דיא האַנד פון האַרטע
האַרען, אונד אַ האַרטער מֶלֶךְ וועט
איבּער זייא געוועלטיגען, זאָגט דער
האַר יְהוָה צְבָאוֹת׃
5 אונד דאָס וואַסער וועט פון דעם
יַם אויפהערען, אונד דער טייך וועט
פערוויסט אונד פערטראָקענט ווערען׃
6 אונד דיא טייכען וועלען ליימיג
אונד זומפּיג ווערען, אונד דיא פעסטע
טייכען וועלען אויסגעטריקענט ווערען,
דאָס יַם גראָז וועט פערוועלקט ווערען׃
7 דאָס איינגעוואָרצעלטע גראָז ביי
דעם טייך, ביי דעם אויסגוס פון
דעם טייך, אונד אַלערלייא געזייעכטעס
אין דעם טייך וועט פערטריקענט אונד
פערשטויסען ווערען, אונד עס וועט
ניט מעהר זיין׃
8 אונד דיא פישערס וועלען קלאָגען,
אונד אַלע וואָס וואַרפען אַ האָקען
אין דעם טייך וועלען טרויערען;
אונד דיא וואָס שפּרייטען אויס נעצען
אויף דעם וואַסער וועלען פערשניטען
ווערען׃
9 אונד דיא וואָס אַרבּייטען אין
געקעמט פלאַקס וועלען זיך שעמען
אונד דיא אויך וואָס וועבען געלע
כערטע נעצען׃
10 אונד זיירע גרינדונגען (פאַבּריקען)
וועלען צושטויסען ווערען, אַלע וואָס
מאַכען פערשטאָפּונגען וועלען האָבּען
אַגְמַת נֶפֶשׁ׃
11 דיא פירשטען פון צוען זענען נאָר
נאַרוֹנִים, דיא ראַטהאַרען פון פַּרְעוֹה
האָבּען נאַרישע עֵצָה געגעבּען; וויא
אַזוי זאָגט איהר צו פַּרְעוֹה'ן איך בִּין
אַ זוהן פון חֲכָמִים, (איך בִּין) דער
זוהן פון אַלטע מְלָכִים?
12 אַוואוּ זענען זייא? אַוואוּ זענען
דיינע חֲכָמִים? לאָזען זייא עס דיר
אָנזאָגען אַז זייא זאָלען וויסען וואָס
יְהוָה צְבָאוֹת האָט געראַטען איבּער
מִצְרָיִם׃
13 דיא פירשטען פון צוען זענען
פערנאַרישט, דיא פירשטען פון נוף
זענען אָפּגענאַרט, דיא עקשטיינער
(דיא הויפּטלייט) פון זיירע שְׁבָטִים
האָבּען מִצְרַיִם פערפירט׃
14 גאָט האָט צווישען זייא פערמישט
אַ פערקרומטעס געמיט, אונד זייא
האָבּען מִצְרַיִם פערפירט אין אַלע

זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים, אַזוי וִויא אַ שִׁכּוֹר
טְהוּט זִיךְ פָּערְאִירֶען בְּשַׁעַת אַז עֶר
מֵייקֶעכְצְט :
15 אוּנְד מִצְרַיִם וֶועט אוֹיךְ נִיט
הָאבֶּען קֵיינֶעם וָואס וֶועט טְהוּן דִיא
מַעֲשִׂים עֶנְטְוֶועדֶער קָאפּ אָדֶער וֵויידֶעל,
דֶער גְרוֹיסֶער צְוֵייג אָדֶער קְלֵיינֶער :
16 אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג וֶועט
מִצְרַיִם זֵיין אַזוי וִויא וַוייבֶּער, אוּנְד
וֶועלֶען צִיטֶערְן אוּנְד אַנְגְסְט הָאבֶּען
פוּן וֶועגֶען דִיא אוֹיפְהֵייבוּנְג פוּן דִיא
הַאנְד פוּן יְהוָֹה צְבָאוֹת וָואס עֶר וֶועט
אִיבֶּער אִיהְם אוֹיפְהֵייבֶּען :
17 אוּנְד דָאס לַאנְד פוּן יְהוּדָה וֶועט
זֵיין אַ שְׁרֶעקֶען צוּ מִצְרַיִם, אִיטְלִיכֶער
וָואס וֶועט זִיא צוּ אִיהְם דֶערְמַאנֶען
וֶועט מוֹרָא הָאבֶּען, כּוּן וֶועגֶען דֶער
עֵצָה פוּן יְהוָֹה צְבָאוֹת, וָואס עֶר וֶועט
זִיךְ אִיבֶּער אִיהְם בֶּערַאטֶען :
18 אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג וֶועלֶען זֵיין
פִינְף שְׁטֶעט אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם
וָואס וֶועלֶען רֶעדֶען דָאס לָשׁוֹן פוּן
כְּנַעַן, אוּנְד וֶועלֶען שְׁוֶוערֶען צוּ יְהוָֹה
צְבָאוֹת; אֵיינֶע זָאל גֶערוּפֶען וֶוערֶען
דִיא שְׁטָאט הֶרֶס (צוּשְׁטֶערוּנְג) :
19 אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג וֶועט זֵיין
אַ מִזְבֵּחַ צוּ דֶעם הַאר אִין מִיטֶען פוּן
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד אַ מַצֵּבָה
וֶועט זֵיין בֵּייא אִיהְרֶע גְרֶענֶעץ צוּ דֶעם
הַאר :
20 אוּנְד דָאס וֶועט זֵיין פַאר אַ צֵייכֶען
אוּנְד אֵיין עֵדוּת צוּ יְהוָֹה צְבָאוֹת אִין
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, וָוארִין זֵייא וֶועלֶען
שְׁרֵייעֶן צוּ גָאט פוּן וֶועגֶען זֵייעֶרֶע
בֶּעצְוִוינְגֶערְס, אוּנְד עֶר וֶועט צוּ זֵייא
שִׁיקֶען אַ הֶעלְפֶער, אוּנְד אַ גְרוֹיסֶען
(מַאן), אוּנְד עֶר וֶועט זֵייא מַצִּיל זֵיין :

21 אוּנְד יְהוָֹה וֶועט בֶּעקַאנְט וֶוערֶען
צוּ מִצְרַיִם, אוּנְד מִצְרַיִם וֶועט גָאט
בֶּעקֶענֶען אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג, אוּנְד
זֵייא וֶועלֶען מַקְרִיב זֵיין שֶׁעכְט אָפְּפֶער
אוּנְד מִנְחָה, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען מְנַדֵּר
זֵיין אֵיין נֶדֶר צוּ יְהוָֹה אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען עֶס בֶּעצָאלֶען :
22 אוּנְד גָאט וֶועט מִצְרַיִם פְּלָאגֶען,
עֶר וֶועט זֵייא פְּלָאגֶען אוּנְד הֵיילֶען,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען צוּ
גָאט, אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ פוּן זֵייא
לָאזֶען אִיבֶּערְבֶּעטֶען אוּנְד עֶר וֶועט
זֵייא הֵיילֶען :
23 אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג וֶועט זֵיין
אֵיין (אוֹיסְגֶעטְרֶעטֶענֶער) וֶועג פוּן
מִצְרַיִם נָאךְ אַשּׁוּר, אוּנְד מֶען וֶועט
קוּמֶען פוּן אַשּׁוּר נָאךְ מִצְרַיִם, אוּנְד
פוּן מִצְרַיִם נָאךְ אַשּׁוּר, אוּנְד מִצְרַיִם
וֶועט דִינֶען דֶעם אַשּׁוּר :
24 אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג וֶועט
יִשְׂרָאֵל זֵיין אַ דְרִיטֶעל (אָדֶער אַ הוֹיפְּט)
צוּ מִצְרַיִם אוּנְד צוּ אַשּׁוּר אַ בְּרָכָה
אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם לַאנְד :
25 וֶועמֶען יְהוָֹה צְבָאוֹת הָאט גֶעבֶּענְשְׁט, אַזוי צוּ זָאגֶען, גֶעבֶּענְשְׁט אִיז
מֵיין פָאלְק (אִין) מִצְרַיִם, אוּנְד אַשּׁוּר
דָאס וֶוערְק פוּן מֵיינֶע הֶענְד, אוּנְד
יִשְׂרָאֵל מֵיין עֶרְבְטֵייל :

קאפיטעל כ

1 אִין דֶעם יָאהְר וָואס תַּרְתָּן אִיז
גֶעקוּמֶען נָאךְ אַשְׁדּוֹד, וֶוען סַרְגוֹן דֶער
קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט
אוּנְד עֶר הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט
אַשְׁדּוֹד אוּנְד הָאט זִיא אֵיינְגֶענוּמֶען :
2 אִין דֶער דָאזִיגֶער צֵייט הָאט גָאט
גֶערֶעט דוּרְךְ יְשַׁעְיָהוּ בֶּן אָמוֹץ, אַזוי
צוּ זָאגֶען, גֵייא אוּנְד בִּינְד אוֹיף דֶעם

זאַק פֿון דײַנע לענדען, אונד דוא
זאָלסט אָפּציהען דײַנע שוך פֿון דײַנע
פֿיס, אונד ער האָט אַזוי געטהון, ער
איז אַרומגעגאַנגען נאַקעט אונד
באָרפֿוס:
3 אונד גאָט האָט געזאָגט, אַזוי ווי
מײַן קנעכט ישעיהו איז אַרומגעגאַנגען
נאַקעט אונד באָרפֿוס דרײַ יאָהר
פֿאַר אַ צייכען אונד אַ וואונדער
איבער מצרים אונד איבער כּוש:
4 אַזוי וועט דער מלך פֿון אשור
אַוועקפֿיהרען די געפֿאַנגענשאַפֿט פֿון
מצרים אונד די פֿערטריבענע פֿון
כּוש, יונגע אונד אַלטע, נאַקעט אונד
באָרפֿוס, מיט אויפֿגעדעקטען הינטער
ליײַב, די שאַנד פֿון מצרים:
5 אונד זיי וועלען זיך דערשרעקען
אונד פֿערשעמט ווערען פֿאַר כּוש
ווייל זיי האָבען אויף זיי געקוקט,
אונד פֿון וועגען מצרים ווייל זיי
האָבען זיך מיט זיי געריהמט:
6 אונד די בעוואוינער פֿון דער
דאָזיגער אינזעל וועלען זאָגען אין דעם
דאָזיגען טאָג, זעה אַזוי האָט זיך
געטראָפֿען מיט דעם אויף וועמען מיר
האָבען געקוקט, אַוואו מיר זענען
אַהינגעלאָפֿען אום הילף ניצול צו
ווערען פֿון דעם קעניג פֿון אשור,
אָבער ווי אַזוי וועלען מיר ענטרינען?
קאַפּיטעל כא
1 די נבואה איבער דער מדבּר פֿון
דעם ים—אַזוי ווי שטורמווינדען גייען
איבער אין דרום זייט, אַזוי קומט עס
פֿון דער מדבּר פֿון אַ פֿאַרכטיגען לאַנד:
2 אַ שווערע נבואה איז מיר אָנגעזאָגט
געוואָרען—דער פֿאַלשער האַנדעלט
פֿאַלשקייט, אונד דער רויבער ראַבעוועט,
גיי אַרויף עילם! בעלאַגער אָ מדי!
איך האָב געמאַכט אויפֿהערען איהר
גאַנצעס זיפֿצען:
3 דאַריבער זענען מײַנע לענדען פֿול
געוואָרען מיט ציטערניש, ווייטאָגען
האָבען מיך אָנגעכאַפּט ווי די
ווייטאָג פֿון איינע געווינערין; איך בּין
אַנידערגעבייגט געוואָרען פֿון צוהערען,
איך בּין דערשראָקען פֿון צוזעהען:
4 מײַן האַרץ איז פֿערדרייט, אַ שרעק
האָט מיך דערשראָקען, די נאַכט פֿון
מײַנע לוסטבאַרקייט האָט ער צו מיר
געמאַכט צו אַ ציטערניש:
5 דער טיש איז געווען אָנגעגרייט,
דער וועכטער וואַכט, עסט אונד
טרינקט, שטייט אויף, איהר פֿירשטען,
בעשמירט דאָס שילד:
6 וואָרין אַזוי האָט דער האַר צו מיר
געזאָגט, גיי, שטעל אַ וואַך, אַז ער
זאָל אָנזאָגען וואָס ער זעהט:
7 אונד ער האָט געזעהען אַ רייט־
וואַגען מיט אַ פּאָר רייטער, אַ רייטער
אויף איין אייזעל, אַ רייטער אויף אַ
קעמעל אונד ער וועט גאַנץ גוט אונד
שטאַרק צוהערען:
8 אונד ער האָט אויסגערופֿען אַ
לייב! מײַן האַר, איך שטיי תּמיד
בײַ טאָג אויף מײַן וואַך, אונד די
גאַנצע נעכט שטיי איך אויף מײַנע
היטונג:
9 אונד זעה, דאָ קומט אַ רייטוואַגען
מיט מענער, מיט אַ פּאָר רייטערס;
אונד ער האָט געענטפֿערט, אונד גע־
זאָגט, בּבל איז געפֿאַלען, זי איז
געפֿאַלען, אונד אַלע געצענבּילדער
פֿון זײַנע אָפּגעטער האָט ער צו־
בּראָכען בּיז צו דער ערד:

10 מַיינֶע גֶערְדָּרֶעשְׁטֶע אוּנְד מֵיין גֶעשְׁייֶערְטֶע תְּבוּאָה, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן יְהֹוָה צְבָאוֹת, דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, דָאס הָאבּ אִיךְ צוּ אַייךְ אָנְגֶעזָאגְט:

11 דִיא נְבוּאָה אִיבֶּער דוּמָה—עֶר רוּפְט צוּ מִיר אוֹיס שֵׂעִיר, דוּא וֶועכְטֶער, וָואס אִיז פוּן דֶער נַאכְט? דוּא וֶועכְטֶער, וָואס אִיז פוּן דֶער נַאכְט?

12 דֶער וֶועכְטֶער זָאגְט, דֶער פְרִיהֶה מָארְגֶען קוּמְט, אוּנְד אוֹיךְ דִיא נַאכְט, וֶוען אִיהְר ווִילְט אָנְפְרֶעגֶען אַזוֹי פְרֶעגְט, קוּמְט צוּרִיק:

13 דִיא נְבוּאָה אִיבֶּער דִיא עַרְבִיִּים— אִין דֶעם וַאלְד אִין עֲרָב וֶועט אִיהְר אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען, אָ אִיהְר אוֹרְחִים (מַחֲנוֹת) פוּן דְדָנִים:

14 בְּרֶענְגְט וַאסֶער אֶנְטְקֶעגֶען דֶעם דָארְשְׁטִיגֶען, דִיא אַיינְוואוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד תֵּימָא זֶענֶען פָארְגֶעקוּמֶען מִיט זַייעֶר בְּרוֹיט צוּ דֶעם פֶּערְוָואגֶעלְטֶען:

15 וָוארִין פוּן וֶועגֶען דִיא שְׁוֶוערְדֶען זֶענֶען זֵייא פֶּערְוָואגֶעלְט, אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֶעם אוֹיסְגֶעצוֹיגֶענֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֶעם גֶעשְׁפַּאנְטֶען בּוֹיגֶען, אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֶער שְׁוֶוערֶען מִלְחָמָה:

16 וָוארִין אַזוֹי הָאט דֶער הַאר צוּ מִיר גֶעזָאגְט, נָאךְ אִין אֵיין יָאהְר וִויא דִיא יָאהְרֶען פוּן אֵיין גֶעדִינְגֶענֶעם, אַזוֹי וֶועט דֶער גַאנְצֶער כָּבוֹד פוּן קֵדָר אוֹיפְהֶערֶען:

17 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע צָאהְל פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע בּוֹיגֶענְשִׁיסֶערְס אוּנְד פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן קֵדָר וֶועלֶען וֵוייניג וֶוערֶען, וָוארִין יְהֹוָה, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט עֶס גֶערֶעט:

קאפיטעל כב

1 דִיא נְבוּאָה אִיבֶּער דֶעם טָהָאל פוּן זֶעהוּנְג, וָואס אִיז דִיר אַז דוּא בִּיזְט אִים גַאנְצֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא דֶעכֶער:

2 דוּא וָואס דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען פוּל מִיט רוֹישׁ, אַ שְׁטָאט מִיט לֶערְם, אַ פְרֵייליכֶע שְׁטָאט; דַיינֶע דֶערְשְׁלָאגֶענֶע (מֶענְשֶׁען) זֶענֶען נִיט דֶערְשְׁלָאגֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד אוֹיךְ נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע אִין דֶער מִלְחָמָה:

3 אַלֶע דַיינֶע הַארֶען וָואס זֶענֶען צוּזַאמֶען אֶנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען, זֵייא זֶענֶען גֶעבּוּנְדֶען בֵּייא דִיא בּוֹיגֶענְשִׁיסֶערְס, אַלֶע וָואס זֶענֶען מִיט דִיר גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען, דִיא וָואס זֶענֶען פוּן ווַייטֶען אֶנְטְלָאפֶען:

4 דָארוּם הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, קוּקְט אַוֶועק פוּן מִיר, אִיךְ וִויל בִּיטֶערְלִיךְ ווַיינֶען, אֵיילְט אַייךְ נִיט מִיךְ צוּ טְרֵייסְטֶען, וֶועגֶען דִיא צֶערְשְׁטֶערוּנְג פוּן דֶער טָאכְטֶער פוּן מֵיין פָאלְק:

5 וָוארִין עֶס אִיז אַ טָאג פוּן פֶערְטִימְלוּנְג אוּנְד צֶערְטְרֶעטוּנְג, אוּנְד פֶערְאִירוּנְג צוּ דֶעם הַאר יְהֹוָה צְבָאוֹת אִין דֶעם טָהָאל פוּן זֶעהוּנְג, מֶען לֶעכֶערְט דִיא מוֹיעֶרֶען, אוּנְד (עֶס אִיז) אַ גֶעשְׁרֵייא צוּ דֶעם בַּארְג:

6 אוּנְד עֵילָם טְרָאגְט פֵייל טַאשֶׁען מִיט דִיא רֵייטְוֶועגֶען פוּן מֶענְשֶׁען אוּנְד רֵייטֶער, אוּנְד קִיר הָאט אוֹיפְגֶעדֶעקְט דָאס שִׁילְד:

7 אוּנְד דַיינֶע אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְטֶע טָהָאלֶען זֶענֶען פוּל גֶעוָוארֶען מִיט רֵייטְוֶועגֶען, אוּנְד דִיא רֵייטֶער וֶועלֶען זִיךְ בֶּערֵייט מַאכֶען בֵּייא דֶעם טוֹיעֶר:

8 אונד ער האט ענטפּלעקט דיא
דעק פון יהודה, אונד דוא האסט אן
דעם דאזיגען טאג געקוקט אויף דיא
וואפען וואס זענען אין דעם וואלד הויז:
9 אונד איהר האט אויך געזעהען
דיא שפּאלטען פון דוד'ס שטאט אז
זיא זענען פול, אונד איהר האט
איינגעזאמעלט דאס וואסער פון דיא
אונטערשטע טייכען:
10 אונד איהר האט געציילט דיא
הייזער פון ירושלים, אונד איהר האט
אפּגעבראכען דיא הייזער, כּדי צו
שטארקען דיא מויער:
11 אונד איהר האט געמאכט א מקוה
צווישען דיא מויערען פאר דיא וואסער
פון דעם אלטען טייך, אבער איהר
האט ניט געקוקט אויף דעם וואס האט
עס געמאכט, אונד דעם בעשעפער
פון א לאנגע צייט אן האט איהר
אויך ניט געזעהען:
12 אונד דער האר יהוה צבאות האט
אין דעמזעלביגען טאג גערופען צו
וויינען אונד צו קלאגען, אונד זיך
קאהל צו מאכען, אונד זיך אנצו־
נארטלען מיט א זאק:
13 אונד זעה, עס איז פרייד אונד
שמחה, מען הרגת רינדער אונד
שעכט שאף, מען עסט פלייש אונד
טרינקט וויין, לאמיר עסען אונד
טרינקען, וואריין מארגען וועלען מיר
שטארבען:
14 עס איז אבער ענטפּלעקט גע־
ווארען אין מיינע אויערען ביי דעם
האר צבאות, דאס דיא דאזיגע זינד
וועט אייך ניט פערגעבען ווערען ביז
איהר וועט שטארבען, זאגט דער האר
יהוה צבאות:

15 אזוי זאגט דער האר יהוה צבאות,
גייא, קום צו דעם דאזיגען שאצ־
מייסטער, צו שבנה וואס איז איבער
דעם הויז:
16 (אונד זאג) וואס האסט דוא דא,
אונד וועמען האסט דוא דא אז דוא
האסט פאר דיר דא אויסגעהאקט א
קבר, (אזוי וויא) ער האט אויסגעהאקט
זיין קבר אין דער הייך, אונד קריצט
אויס פאר זיך אין דעם פעלזען־שטיין
זיינע וואוינונג?
17 זעה, דער האר וועט דיך אוועק־
ווארפען מיט א שטארקען ווארף, אונד
ער וועט דיך געוויס בעדעקען:
13 ער וועט דיך מאכען ראלען וויא
א באל ראלט, אין א ווייט לאנד
אריין פון ביידע זייטען, אונד דארט
וועסט דוא שטארבען, אונד דארט
וועלען דיא רייטוועגען פון דיין כבוד
זיין פאר א שאנד צו דעם הויז פון
דיין האר:
19 אונד איך וועל דיך פערשטויסען
פון דיין בעשטאנד, אונד פון דיינע
שטעל וועט ער דיך אראונטער רייסען:
20 אונד עס וועט זיין אין דעם
דאזיגען טאג, אזוי וועל איך רופען צו
מיין קנעכט אליקים זוהן פון חלקיהו:
21 אונד איך וועל איהם אנקליידען
מיט דיין העמד (אדער קלייד), אונד
מיט דיין גארטעל וועל איך איהם
שטארקען, אונד דיינע רעגירונג וועל
איך געבען אין זיינע האנד, אונד ער
וועט זיין אלס א פאטער צו דיא
בעוואוינער פון ירושלים אונד צו דעם
הויז פון יהודה:
22 אונד איך וועל (געבען) לייגען
דעם שליסעל פון דעם הויז פון דוד

אויף זיינע אַקסעל, אונד ער וועט
אויפמאַכען אונד קיינער וועט ניט
צושליסען, אונד ער וועט צושליסען
אונד קיינער וועט ניט אויפמאַכען:
23 אונד איך וועל איהם פעסט
מאַכען וויא אַ נאַגעל אין אַ זיכערן
אָרט, אונד ער וועט זיין פאַר אַ
שטוהל פון כבוד פאַר זיין פאַטער'ס
הויזגעזינד:
24 אונד זייא וועלען אויף איהם
אויפהענגען דעם גאַנצען כבוד פון
זיין פאַטער'ס הויזגעזינד, דיא קינדער
אונד קינדערס קינדער, אַלערלייא
קליינע כלים, כלים פון שאַלען ביז
צו אַלערלייא קרוג־כלים:
25 אין דעמזעלביגען טאָג, זאָגט יהוה
צבאות, וועט אָפּגעטהון ווערען דער
נאַגעל וואָס איז פעסט געמאַכט אין
דעם זיכערן אָרט, אונד ער וועט
אָפּגעהאַקט ווערען אונד אַרופּפאַלען,
אונד דיא משא וואָס וואַר דאַרויף
וועט אָפּגעשניטען ווערען, וואָרין יהוה
האָט עס גערעדט:

## קאפיטעל כג

1 דיא נבואה איבער צור—קלאָגט
איהר שיפען פון תרשיש, וואָרין עס
איז צושטערט געוואָרען, אַז עס איז
ניט מעהר דאָ אַ הויז, קיין אַריינ־
קומען, עס איז צו זייא ענטפּלעקט
געוואָרען פון דעם לאַנד כתים:
2 זייט שטיל איהר איינוואוינער פון
דער אינזעל! דער סוחר פון צדון,
וואָס פאַהרט איבער דעם ים האָט
דיך (פריהער) פול געמאַכט:
3 אונד אויף פילע וואַסערן איז דער
זאָמען פון שיחור, אונד דער שניט
פון דעם טייך איז געוועזען איהר
איינקומען (תבואה), אונד זיא איז
געוועזען דיא האַנדעל'ס שטאָט פון
דיא פעלקער:
4 שעם דיך! צידון, וואָרין דאָס ים
האָט געזאָגט, דיא שטאַרקייט פון
דעם ים האָט געזאָגט, אַזוי צו זאָגען,
איך האָב קיין וועהטאָג ניט געהאַט,
אונד איך האָב ניט געבוירען, אונד
איך האָב קיינע יונגען, אונד ניט
אויפגעבראַכט קיינע יונגפרויען:
5 אַזוי וויא מען האָט געהערט איבער
מצרים, אַזוי וועט צור ציטערן ווען
זייא וועלען עס הערען:
6 גייט אַריבער נאָך תרשיש, קלאָגט
איהר בעוואוינער פון דער אַ נזעל:
7 איז דען דיא דאָזיגע אייערע פריליכע
(שטאָט), וואָס איהר אָנהייב איז פון
אַלטע צייטען הער? איהרע אייגענע
פיס וועלען זייא פיהרען פון ווייטען
צו וואוינען:
8 ווער האָט דאָס בעראָטען איבער
צור דיא געקריינטע (שטאָט), אַ הערע
סוחרים זענען פירשטען, אונד איהרע
קויפלייטע זענען דיא געעהרטע פון
דעם לאַנד:
9 יהוה צבאות האָט עס בעראָטען
דיא גאַנצע העררליכקייט צו שוועכען,
אונד גרינג צו מאַכען אַלע געעהרטע
פון דעם לאַנד:
10 פיהר איבער דיין לאַנד וויא אַ
טייך, דו טאָכטער פון תרשיש, עס
איז ניט מעהר דאָ קיין שטאַרקייט:
11 זיינע האַנד איז אויסגעשטרעקט
איבער דעם ים, ער האָט געמאַכט
דיא קעניגרייכע ציטערן, גאָט האָט בע־
פוילען איבער כנען אַז איהרע שטאַרקע
פעסטונג זאָל פערטילגט ווערען:

12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט
נִיט מֶעהְר פְֿרֵיילִיךְ זַיין, דוּא בֶּערוֹיבְּטֶע
יוּנְגפְֿרוֹי, דוּא טָאכְטֶער פֿוּן צִידוֹן;
שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד גֵייא אַרִיבֶּער נָאךְ
כִּתִּים, אוֹיךְ דָארְטֶען וֶועסְט דוּא קֵיינֶע
רוּה הָאבֶּען:
13 זֶעה אָן דָאס לַאנְד כַּשְׂדִּים, דָאס
דָאזִיגֶע פָֿאלְק אִיז נָאךְ גָאר נִיט
גֶעוֶועזֶען בִּיז אַשּׁוּר הָאט עֶס גֶעגְרִינְדֶעט
(פַֿאר דִיא וָואס וְואוֹינֶען) אִין דֶער
וִויסְטֶענֵייא, זֵייא וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֶעלֶען
זֵיירֶע פֶֿעסְטוּנְגֶען, זֵייא הָאבֶּען אָפּ־
גֶעבְרָאכֶען זֵיירֶע פַּאלַאסְטֶען, עֶר הָאט
זֵייא גֶעמַאכְט צוּ אַיין אַיינְפַאלוּנְג:
14 קְלָאגְט, אִיהְר שִׁיפֶען פֿוּן תַּרְשִׁישׁ,
וָוארִין אֵיירֶע שְׁטַארְקְהֵייט אִיז צוּ־
שְׁטֶערְט:
15 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען טָאג אַזוֹי וֶועט צוֹר פֶֿערְגֶעסֶען
וֶוערֶען זִיבֶּעצִיג יָאהְר, אַזוֹי וִויא דִיא
טֶעג פֿוּן אֵיינֶעם קֶענִיג, אִין דֶעם עֶנְד
פֿוּן זִיבֶּעצִיג יָאהְר וֶועט עֶס זַיין צוּ
צוֹר וִויא דָאס לִיד פֿוּן אַ זוֹנָה:
16 נֶעם דִיר אַ פִֿידֶעל רִינְגֶעל אַרוּם
דִיא שְׁטָאט, דוּא פֶֿערְגֶעסֶענֶע זוֹנָה;
שְׁפִּיל גוּט, זִינְג פִֿיל כְּדֵי דוּא זָאלְסְט
דֶערְמַאנְט וֶוערֶען:
17 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעם עֶנְד
פֿוּן זִיבֶּעצִיג יָאהְר אַזוֹי וֶועט גָאט גֶע־
דֶענְקֶען אָן צוֹר, אוּנְד זִיא וֶועט צוּרִיקְ־
קוּמֶען צוּ אִיהְר עֲשִׂירוּת, אוּנְד זִיא
וֶועט זִיךְ וִוידֶער מְזַנֶּה זַיין (הַאנְדְלֶען)
מִיט אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶע פֿוּן דֶער וֶועלְט
וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד:
18 אוּנְד אִיהְר הַאנְדֶעל, אוּנְד אִיהְר
עֲשִׂירוּת וֶועט זַיין הֵיילִיג צוּ יְהֹוָה, עֶס
וֶועט נִיט בֶּעהַאלְטֶען אוּנְד נִיט אַוֶועקְ־
גֶעלֵייגְט וֶוערֶען, גֵייעֶרְט אִיהְרֶע סְחוֹרָה
וֶועט זַיין פַֿאר דִיא וָואס וְואוֹינֶען פַֿאר
גָאט, צוּ עֶסֶען כְּדֵי זַאט צוּ וֶוערֶען,
אוּנְד אוּם זִיךְ צוּ בֶּעדֶעקֶען מִיט שֵׁיינֶע
קְלֵיידֶער:

## קאפיטעל כד

1 זֶעה, גָאט מַאכְט לֵיידִיג דִיא עֶרְד
אוּנְד עֶר מַאכְט זִיא חָרוּב, אוּנְד עֶר
פֶֿערְקְרִימְט אִיהְר פָּנִים, אוּנְד פֶֿערְ־
שְׁפְּרֵייט אִיהְרֶע בֶּעווֹאוֹינֶער:
2 אוּנְד דָאס פָֿאלְק וֶועט זַיין גְלֵייךְ
אַזוֹי וִויא דֶער כֹּהֵן, דֶער קְנֶעכְט וֶועט
זַיין אַזוֹי וִויא זַיין הַאר, דִיא דִינְסְטמֵייד
אַזוֹי וִויא אִיהְר הַארִינְטֶע, דֶער קוֹיפֶֿער
אַזוֹי וִויא דֶער פֶֿערְקוֹיפֶֿער, דֶער לֵייעֶר
וֶועט זַיין וִויא דֶער וָואס נֶעמְט גֶע־
בָּארְגְט, דֶער וָואס נֶעמְט צִינְזֶען וֶועט
זַיין אַזוֹי וִויא דֶער וָואס גֶעט צִינְזֶען:
3 דָאס לַאנְד וֶועט אִים גַאנְצֶען אוֹיסְ־
גֶעלֵיידִיגְט וֶוערֶען, אוּנְד אִים גַאנְצֶען
בֶּערוֹיבְּט וֶוערֶען, וָוארִין גָאט הָאט
דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט גֶערֶעט:
4 דָאס לַאנְד אִיז פֶֿערְשְׁנִיטֶען אוּנְד
פֶֿערְוֶועלְקְט, דִיא וֶועלְט אִיז פֶֿערְשְׁנִיטֶען
אוּנְד פֶֿערְוֶועלְקְט גֶעוָוארֶען, דָאס
הוֹיכְמִיטִיגֶע פָֿאלְק פֿוּן דֶעם לַאנְד אִיז
פֶֿערְשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען:
5 דִיא עֶרְד חַנֻפַּת (אִיז שְׁלֶעכְט גֶע־
וָוארֶען) אוּנְטֶער אִיהְרֶע בֶּעווֹאוֹינֶער,
וָוארִין זֵייא הָאבֶּען עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען דִיא
תּוֹרוֹת, זֵייא הָאבֶּען פֶֿערְוֶועקְסֶעלְט
דָאס גֶעזֶעץ, זֵייא הָאבֶּען צוּשְׁטֶערְט
דֶעם אֵייבִּיגֶען בּוּנְד:
6 דַארִיבֶּער הָאט אַ קְלָלָה דָאס לַאנְד
פֶֿערְדָארְבֶּען, אוּנְד דִיא בֶּעווֹאוֹינֶער
דַאפֿוּן פֶֿערְוִוירְסְט, דַארִיבֶּער זֶענֶען דִיא
בֶּעווֹאוֹינֶער פֿוּן דֶעם לַאנְד אוֹיסְגֶעדַארְט

גֶעוואָרֶען, אוּנְד עֶס אִיז נָאר וֶוייניג מֶענְשֶׁען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען׃

7 דֶער מָאסְט (וֵויין) אִיז טְרוֹירִיג, דֶער וֵויינשְׁטָאק אִיז פֶערשְׁנִיטֶען געוואָרֶען, אוּנְד אַלֶע פְרֵיילִיכֶע הֶערְצֶער זִיפְצֶען׃

8 דִיא פְרֵייד פוּן דִיא פּוֹיקֶען הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט, דָאס רוֹישֶׁען פוּן דִיא פְרֵיילִיכֶע (מֶענְשֶׁען) אִיז פֶערְמִיטֶען דִיא פְרֵייד פוּן דִיא הַארְפֶע הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט׃

9 זֵייא וֶועלֶען נִיט מֶעהְר טְרִינְקֶען וֵויין מִיט גֶעזַאנְג, דֶער שְׁטַארְקֶער וֵויין וֶועט זֵיין בִּיטֶער צוּ זֵיינֶע טְרִינְקֶערְס׃

10 דִיא וִויסְטֶע שְׁטָאט אִיז אָפְּגֶעבְּרָאכֶען גֶעוואָרֶען, אִיטְלִיכֶעס הוֹיז אִיז פֶערשְׁלָאסֶען כְּדֵי מֶען זָאל נִיט קֶענֶען אַרֵיינְקוּמֶען׃

11 עֶס אִיז אַ גֶעשְׁרֵייא אִין דִיא גַאסֶען אִיבֶּער דֶעם וֵויין אַלֶע שִׂמְחוֹת זֶענֶען פֶערְפִינְסְטֶערְט גֶעוָוארֶען, דִיא פְרֵייד פוּן דֶעם לַאנְד אִיז פֶערטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען׃

12 אִין דֶער שְׁטָאט אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען וִויסְטִיגְקֵייט, אוּנְד דָאס טוֹיעֶר אִיז גֶעשְׁלָאגֶען וֶועגֶען וִויסְטִיגְקֵייט׃

13 וָוארִין אַזוֹי וֶועט עֶס זֵיין אִין מִיטֶען פוּן דֶעם לַאנְד צְוִוישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער, (עֶס וֶועט זֵיין) אַזוֹי וִויא מֶען שָׁאקֶעלְט דֶעם אֵיילְבֶּערְטבּוֹים, אוּנְד אַזוֹי וִויא מֶען קְלוֹיבְּט דִיא קְלֵיינֶע וֵויינטְרוֹיבֶּען וֶוען דֶער שְׁנִיט אִיז גֶעעֶנְדִיגְט׃

14 זֵייא וֶועלֶען אוֹיפְהֵייבֶּען זֵייעֶר קוֹל אוּנְד וֶועלֶען זִינְגֶען, וֶועגֶען דִיא שֵׁיינְהֵייט פוּן גָאט וֶועלֶען זֵייא שַׁאלֶען פוּן דֶעם יַם׃

15 דַארִיבֶּער פֶערְהֶערְלִיכְט גָאט אִין דֶעם פֵייעֶר (אָדֶער לִיכְטֶער), פֶערְעֶהְרְט גָאט אִין דִיא אִינְזֶעלְן פוּן דֶעם יַם, דֶעם נָאמֶען פוּן יְהֹוָה דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל׃

16 פוּן עֶק וֶועלְט הָאבֶּען מִיר גֶעהֶערְט דֶעם גֶעזַאנְג, דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דֶעם צַדִיק, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, מֵיינֶע מָאגֶערְקֵייט, מֵיינֶע מָאגֶערְקֵייט! אוֹי וֵויא צוּ מִיר! דִיא פַאלְשֶׁע הָאבֶּען גַאנְץ פֶעלְשְׁלִיךְ גֶעהַאנְדֶעלְט מִיט פַאלְשְׁקֵייט׃

17 דִיא פוּרְכְט אוּנְד דִיא גְרוּבּ אוּנְד אַ נֶעץ אִיז אִיבֶּער דִיר דוּא בֶּעוואוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד׃

18 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אַז דֶער וָואס עֶנְטְלוֹיפְט וֶועגֶען דֶעם קוֹל פוּן פוּרְכְט דֶער וֶועט אַרֵיינְפַאלֶען אִין דִיא גְרוּבּ, אוּנְד דֶער וָואס וֶועט אַרוֹיפְקוּמֶען פוּן דֶער גְרוּבּ וֶועט גֶעחַאפְּט וֶוערֶען אִין דֶעם נֶעץ, וָוארִין דִיא פֶענְסְטֶער פוּן דֶעם הִימֶעל וֶועלֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט וֶוערֶען, אוּנְד דִיא גְרוּנְד פֶעסְטֶען פוּן דֶער עֶרְד וֶועלֶען שְׁטוּרְמֶען׃

19 דִיא עֶרְד וֶועט אִים גַאנְצֶען צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען; דִיא עֶרְד וֶועט זִיךְ אִים גַאנְצֶען צוּבְּרֶעקֶעלְן; דִיא עֶרְד וֶועט זִיךְ אִים גַאנְצֶען בֶּעוֶועגֶען׃

20 דִיא עֶרְד וֶועט זִיךְ אִים גַאנְצֶען שָׁאקֶעלְן וִויא אַ שִׁכּוֹר, אוּנְד זִיא וֶועט פֶערְוָואגֶעלְט וֶוערֶען וִויא אַ נַאכְטגֶעצֶעלְט, אוּנְד אִיהְר זִינְד וֶועט דַארוֹיף (וֶועהְר) שְׁוֶוער זֵיין, אוּנְד זִיא וֶועט פַאלֶען אָבֶּער זִיא וֶועט נִיט מֶעהְר קֶענֶען אוֹיפְשְׁטֵיין׃

21 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג דָאס גָאט וֶועט בֶּעשְׁטְרָאפֶען

דִיא חַיָלוֹת פוּן דֶעם הִימֶעל אִין דֶעם
הִימֶעל, אוּנְד אִיבֶּער דִיא מְלָכִים פוּן
דֶער עֶרְד אוֹיף דֶער עֶרְד:
22 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט
וֶוערֶען וִויא גֶעפַאנְגֶענֶע וֶוערֶען אֵיינְ־
גֶעזַאמֶעלְט פוּן דֶער גְרוּב, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען פֶערשְׁלָאסֶען וֶוערֶען מִיט אַ
פֶערשְׁלִיסוּנְג, אוּנְד נָאךְ פִילֶע יָאהְרֶען
וֶועלֶען זֵייא בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען:
23 אוּנְד דִיא לְבָנָה וֶועט פֶערשֶׁעמְט
וֶוערֶען אוּנְד דִיא זוּן וֶועט זִיךְ שֶׁעמֶען,
וָוארִין יְהֹוָה צְבָאוֹת וֶועט קֶענִיגֶען אוֹיף
דֶעם בַּארְג צִיוֹן אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד פַאר זֵיינֶע זְקֵנִים וֶועט זֵיין כָּבוֹד:

קאפיטעל כה

1 אָ יְהֹוָה! דוּא בִּיזְט מֵיין גָאט, אִיךְ
וֶועל דִיךְ דֶערְהֵייבֶען, אִיךְ וֶועל לוֹיבֶּען
דֵיין נָאמֶען, וָוארִין דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן
וְואוּנְדֶערְלִיכֶעס, דֵיינֶע עֵצוֹת פוּן לַאנְג
אָן זֶענֶען גֶעטְרֵייא אוּנְד וָואהְרְהֵייט:
2 וָוארִין דוּא הָאסְט גֶעמַאכְט פוּן
דֶער שְׁטָאט אַ הוֹיפֶען, פוּן אַ פֶעסְטֶע
שְׁטָאט אֵיינֶע אֵיינְפַאלוּנְג, אַ פַּאלַאסְט
פוּן פְרֶעמְדֶע אַז עֶס זָאל נִיט מֶעהְר
זֵיין אַ שְׁטָאט, עֶס זָאל אוֹיף אֵייבִּיג
נִיט מֶעהְר אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט וֶוערֶען:
3 דַארִיבֶּער וֶועט דִיךְ אַ שְׁטַארְקֶעס
פָאלְק פֶערְהֶערְלִיכֶען, דִיא שְׁטָאט פוּן
מֶעכְטִיגֶע פֶעלְקֶער וֶועלֶען פַאר דִיר
מוֹרָא הָאבֶּען:
4 וָוארִין דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אַ שְׁטַארְקְ־
הֵייט צוּ דֶעם אָרֶעמֶען, אַ שְׁטַארְקְהֵייט
צוּ דֶעם בֶּעדִירְפְטִיגֶען וֶוען עֶס אִיז
אִיהְם עֶנְג גֶעוֶועזֶען, אַ בֶּעשִׁיצוּנְג פַאר
דֶעם שְׁטוּרְם, אַ שָׁאטֶען פוּן דֶער הִיץ,
וֶוען דֶער צָארְן פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע
(רְשָׁעִים) אִיז וִויא אַ שְׁטוּרְם רֶעגֶען
אוֹיף דֶער וַואנְד:
5 אַזוֹי וִויא דִיא הִיץ אִין אַ טְרוּקֶען
לַאנְד אַזוֹי וֶועסְט דוּא אוּנְטֶערְטֶענִיג
מַאכֶען דָאס גֶערוּישׁ פוּן דִיא פְרֶעמְדֶע,
אַזוֹי וִויא דִיא הִיץ דוּרְךְ דֶעם שָׁאטֶען
פוּן אַ דִיקֶען וָאלְקֶען אַזוֹי וֶועט עֶר
דֶעם גֶעזַאנְג פוּן דִיא גֶעוַואלְטִיגֶע
אוּנְטֶערְטֶענִיג מַאכֶען:
6 אוּנְד יְהֹוָה צְבָאוֹת וֶועט אוֹיף דֶעם
דָאזִיגֶען בַּארְג מַאכֶען פַאר אַלֶע פֶעלְ־
קֶער אַ מָאהְלְצֵייט פוּן פֶעטֶע זַאכֶען,
אַ מָאהְלְצֵייט פוּן הֵייוֶוען־וַויין פוּן
פֶעטֶע זַאכֶען וִויא פוּן מַארְךְ־פֶעט, פוּן
הֵייוֶוען־וַויין גוּט גֶעלֵייטֶערְט:
7 אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען
בַּארְג פֶערְדַארְבֶּען דִיא צוּדֶעק פוּן
דֶעם פָּנִים וָואס אִיז אִיבֶּער אַלֶע
פֶעלְקֶער, אוּנְד דִיא דֶעק וָואס בֶּעדֶעקְט
אַלֶע פֶעלְקֶער:
8 עֶר וֶועט דֶעם טוֹיט אוֹיף אֵייבִּיג
פֶערשְׁלִינְגֶען, אוּנְד דֶער הַאר גָאט
וֶועט אָפְּוִוישֶׁען דִיא טְרֶערֶען פוּן אִיטְ־
לִיכֶען פָּנִים, אוּנְד עֶר וֶועט אָפְּטְהוּן דִיא
שַׁאנְד פוּן זֵיין פָאלְק פוּן דֶער גַאנְצֶען
עֶרְד, וָוארִין דֶער הַאר הָאט עֶס גֶערֶעט:
9 אוּנְד מֶען וֶועט אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג זָאגֶען,—זֶעה דָאס אִיז אוּנְזֶער
גָאט, מִיר הָאבֶּען גֶעהָאפְט אוֹיף אִיהְם;
אוּנְד עֶר וֶועט אוּנְס הֶעלְפֶען, דָאס
אִיז יְהֹוָה מִיר הָאבֶּען גֶעהָאפְט אוֹיף
אִיהְם מִיר וֶועלֶען זֵיין פְרֵיילִיךְ אוּנְד אַ
שִׂמְחָה הָאבֶּען אִין זֵיינֶע הִילְף (יְשׁוּעָה):
10 וָוארִין אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען בַּארְג
וֶועט יְהֹוָה'ס הַאנְד רוּהֶען, אוּנְד מוֹאָב
וֶועט אוּנְטֶער אִיהְם צוּטְרֶעטֶען וֶוערֶען
וִויא שְׁטְרוֹיא וֶוערְט צוּטְרֶעטֶען אִין אַ
מִיסְט אָרְט:

11 אוּנְד עֶר װֶעט אױסשְׁפְּרֵייטֶען
זֵיינֶע הֶענְד צְוִוישֶׁען זֵייא, אַזוֹי וִויא אַ
שְׁווִימֶער טְהוּט אױסשְׁפְּרֵייטֶען צוּ
שְׁווִימֶען, אוּנְד עֶר װֶעט אַרוּפּבְּרֶענְגֶען
זֵיינֶע גַאֲוָה צוּזַאמֶען מִיט דִיא וָואס
לוֹיעֶרְן אוֹיף זֵיינֶע הֶענְד:
12 אוּנְד דֵיינֶע פֶּעסְטֶע אוּנְד שְׁטַארְקֶע
מוֹיעֶרְן װֶעט עֶר אֵיינְבֵּייגֶען, אוּנְד עֶר
װֶעט זִיא מַאכֶען אַרוּפְּנִידֶערְן צוּ דֶער
עֶרְד, בִּיז צוּ דֶעם שְׁטוֹיבּ:

קאפּיטעל כו

1 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג װֶעט דֶער
דָאזִיגֶער גֶעזַאנְג גֶעזוּנְגֶען װֶערֶען אִין
דֶעם לַאנְד יְהוּדָה-מִיר הָאבֶען אַ
שְׁטַארְקֶע שְׁטָאט, אַ הִילְף װֶעט עֶר
מַאכֶען אַלְס מוֹיעֶרְן, אוּנְד אַלְס דִיא
שַׁאנְץ-מוֹיעֶרְן:
2 מַאכְט אוֹיף דִיא טוֹיעֶרְן, אַז דָאס
גֶערֶעכְטֶע פָאלְק וָואס הִיט דִיא וָואהְר-
הֵייטֶען זָאל אַרֵיינְקוּמֶען:
3 דוּא װֶעסְט דֶעם וָואס הָאט פֶּעסְטֶע
גֶעדַאנְקֶען בֶּעהִיטֶען מִיט אַ דָאפֶּעלְטֶען
שָׁלוֹם, ווייל עֶר פֶּערְזִיכֶערְט זִיךְ אִין
דִיר:
4 פֶּערְזִיכֶערְט אֵייךְ אִין גָאט בִּיז אוֹיף
אֵייבִּיג, וָוארִין אִין דֶעם הַאר יְהוָֹה אִיז
אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע שְׁטַארְקֵייט:
5 וָוארִין עֶר בֵּייגְט אַנִידֶער דִיא וָואס
וואוֹינֶען אִין דֶער הֵייךְ, דִיא דֶערְ-
הוֹיבֶּענֶע שְׁטָאט װֶעט עֶר מַאכֶען
אַרוּפְּנִידֶערְן, עֶר װֶעט זִיא אַרוּפְּנִידֶערְן
בִּיז צוּ דֶער עֶרְד עֶר װֶעט זִיא מַאכֶען
גְלֵייכֶען בִּיז צוּ דֶעם שְׁטוֹיבּ:
6 דֶער פוּס װֶעט זִיא צוּטְרֶעטֶען,
יָא, דִיא פִּיס פוּן דִיא אָרֶעמֶע, אוּנְד
דִיא שְׁרִיט פוּן דֶעם נוֹיטְבֶּעדִירְפְטִיגֶען:
7 דֶער װֶעג פוּן דֶעם צַדִיק אִיז אוֹיפְ-
רִיכְטִיגְקֵייט, אוֹי דוּא רֶעכְטפֶערְטִיגֶער,
דוּא װֶעגְסְט דֶעם װֶעג פוּן דֶעם צַדִיק:
8 מִיר הָאבֶען אוֹיךְ גֶעוַוארְט אִין דִיא
װֶעגֶען פוּן דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, דָאס גְלִיסְ-
טֶען פוּן אוּנְזֶער נֶפֶשׁ אִיז צוּ דֵיין
נָאמֶען אוּנְד צוּ דֵיין גֶעדֶערְכְטֶענִים:
9 מֵיין נֶפֶשׁ הָאט נָאךְ דִיר גֶעגְלוּסְט
בֵּייא נַאכְט, אוֹיךְ מִיט מֵיין גֵייסְט אִין
מִיר װֶעל אִיךְ דִיךְ אִין דֶער פְּרִיה
זוּכֶען, וָוארִין װֶען דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען
אוֹיף דֶער עֶרְד, אַזוֹי װֶעלֶען דִיא
בֶּעוואוֹינֶער פוּן דֶער װֶעלְט לֶערְנֶען
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט:
10 װֶען מֶען אוֹיךְ טְהוּט חֶסֶד צוּ
דֶעם רָשָׁע, אַזוֹי ווִיל עֶר דָאךְ נִיט
לֶערְנֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אִין דֶעם רֶעכְט-
פַארְטִיגֶען לַאנְד טְהוּט עֶר אוּמְרֶעכְט,
אוּנְד עֶר ווִיל נִיט אָנְזֶעהֶען דִיא גְרוֹיסְ-
קֵייט (מַאיֶעסְטֶעט) פוּן יְהוָֹה:
11 אָ גָאט, װֶען דֵיינֶע הַאנְד אִיז
דֶערְהוֹיבֶּען ווִילֶען זֵייא עֶס נִיט זֶעהֶען,
אָבֶּער זֵייא װֶעלֶען מוּזֶען זֶעהֶען, אוּנְד
פֶערְשֶׁעמְט װֶערֶען פוּן װֶעגֶען דֶער
קִנְאָה פוּן דֶעם פָאלְק, אוֹיךְ דָאס
פֵייעֶר פוּן דֵיינֶע בֶּעלֵיידִיגֶער װֶעט
זֵייא פֶערְבְּרֶענֶען:
12 אָ הַאר, דוּא װֶעסְט פַאר אוּנְס
אָנבְּרֵייטֶען שָׁלוֹם, וָוארִין דוּא הָאסְט
אוֹיךְ אַלֶע אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים פַאר אוּנְס
גֶעטְהוּן:
13 אָ יְהוָֹה, אוּנְזֶער גָאט, אַנְדֶערֶע
הַארֶען חוּץ דִיר הָאבֶען אִיבֶּער אוּנְס
גֶעהֶערְשְׁט, אָבֶּער נוּר דוּרְךְ דִיר אַלֵיין
װֶעלֶען מִיר דֵיין נָאמֶען גֶעדֶענְקֶען:
14 זֵייא זֶענֶען טוֹיט, זֵייא זָאלֶען נִיט
לֶעבֶּען, זֵייא זֶענֶען אָפְּגֶעשְׁטָארְבֶּען,
לָאזֶען זֵייא נִיט אוֹיפְשְׁטֵיין, דַארִיבֶּער

וְוייל דוּא הָאסְט זֵייא בֶּעשְׁטְרָאפְט
אוּנְד הָאסְט זֵייא פֶערְטִילְגְט, אוּנְד
הָאסְט גֶעמַאכְט פֶערְלִירֶען זֵייעֶר גַאנְץ
גֶעדֶעכְטְנִיס:
15 דוּא הָאסְט פֶערְמֶעהְרְט דָאס
פָאלְק, אָ יְהוָֹה, דוּא הָאסְט פֶערְמֶעהְרְט
דָאס פָאלְק, אוּנְד הָאסְט דִיךְ פֶערְ־
הֶערְלִיכְט, דוּא הָאסְט דֶערְוֵוייטֶערְט
אַלֶע עֶקֶען (גְרֶענֶעצֶען) פוּן דֶעם
לַאנְד:
16 אָ יְהוָֹה! אִין זֵייעֶר צָרָה הָאבֶּען
זֵייא דִיךְ גֶעזוּכְט, זֵייא גִיסֶען אוֹיס אַ
שְׁטִיל גֶעבֶּעט וֶוען דֵיינֶע שְׁטְרָאף אִיז
אוֹיף זֵייא:
17 אַזוֹי וִויא אַ טְרָאגֶעדִיגֶע וָואס אִיז
נָאהֶענְט צוּ גֶעווינֶען אוּנְד שְׁרֵייט אוֹיס
אִין אִיהְרֶע שְׁמֶערְצֶען, אַזוֹי זֶענֶען מִיר
גֶעוֶועזֶען פַאר דֵיין אַנְגֶעזִיכְט, אָ יְהוָֹה!
18 מִיר הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען, מִיר זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אִין גֶעבֶּער־שְׁמֶערְצֶען, אָבֶּער
עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ וִויא מִיר הֶעטֶען
גֶעווָאוּנֶען ווינְד, מִיר הָאבֶּען אִין דֶעם
לַאנְד קֵיינֶע הִילְפֶע נִיט גֶעטְהוּן, אוּנְד
דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן דֶער וֶועלְט זֶענֶען
אוֹיךְ נִיט גֶעפַאלֶען:
19 דֵיינֶע טוֹיטֶע (מֵתִים) וֶועלֶען לֶעבּ־
בֶּעדִיג וֶוערֶען, (צוּזַאמֶען) מִיט מֵיין
טוֹיטֶען לֵייבּ וֶועלֶען זֵייא אוֹיפְשְׁטֵיין,
וואכֶעט אוֹיף, אוּנְד זִינְגְט, אִיהְר וָואס
רוּהְט אִין דֶעם שְׁטוֹיבּ! וָוארִין דֵיין
טוֹיא אִיז וִויא דֶער טוֹיא פוּן פְּלַאנְצֶען,
אוּנְד דִיא עֶרְד וֶועט אַרוֹיסְוַוארְפֶען
דִיא טוֹיטֶע:
20 קוּם, אָ מֵיין פָאלְק, אוּנְד גֵייא
אַרֵיין אִין דֵיינֶע קָאמֶערְן, אוּנְד פֶערְ־
שְׁלִיס הִינְטֶער דִיר דִיא טְהִיר, בֶּעהַאלְט
דִיךְ פַאר אַ קְלֵיינֶע רֶגַע, בִּיז דֶער
צָארְן וֶועט אַרִיבֶּערְגֵיין:
21 וָוארִין, זֶעה, יְהוָֹה וֶועט אַרוֹיסְגֵיין
פוּן זֵיין אָרְט, צוּ בֶּעשְׁטְרָאפֶען דִיא
זִינְד פוּן דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן דֶער
עֶרְד, אוּנְד דִיא עֶרְד וֶועט עַנְטְפְּלֶעקֶען
אִיהְר בְּלוּט, אוּנְד וֶועט נִיט מֶעהְר
צוּדֶעקֶען אִיהְרֶע הֲרוּגִים:

## קאפיטעל כז

1 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועט גָאט
שְׁטְרָאפֶען מִיט זֵיין הַארְטֶען אוּנְד
גְרוֹיסֶען אוּנְד שְׁטַארְקֶען שְׁוֶוערְט, דֶעם
לִוְיָתָן, דִיא רִיגֶעל שְׁלַאנְג, אוּנְד דֶעם
לִוְיָתָן דִיא קְרוּמֶע שְׁלַאנְג, אוּנְד עֶר
וֶועט הַרְגֶענֶען דֶעם תַּנִּין וָואס אִיז אִין
דֶעם יַם:
2 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועט מֶען
צוּ אִיהְר זִינְגֶען, אַ וֵויינְגָארְטֶען פוּן
רוֹיטֶען וויין:
3 אִיךְ יְהוָֹה, בִּין אִיהְר הִיטֶער, אִיךְ
וֶועל עֶס אַלֶע רֶגַע בֶּעוַואסֶערְן, אַז עֶס
זָאל עֶס קֵיינֶער נִיט שָׁאדֶען, בֵּייא
טָאג אוּנְד בֵּייא נַאכְט וֶועל אִיךְ עֶס
הִיטֶען:
4 אִיךְ הָאבּ קֵיין צָארְן אִין מִיר, וֶוער
וָאלְט גֶעגֶעבֶּען אַז אִיךְ זָאל זֵיין גְלֵייךְ
וִויא דָארְנֶער שְׁטַאכֶעלְן אִין דֶער
מִלְחָמָה? אִיךְ וָואלְט מִיךְ דוּרְכְגֶעצוֹיגֶען
אִין אִיהְר אוּנְד וָואלְט זֵייא צוּזַאמֶען
פֶערְבְּרֶענְט:
5 אָדֶער לָאז עֶר אָנְהַאלְטֶען אַן מֵיינֶע
שְׁטַארְקְהֵייט, אַז עֶר זָאל מִיט מִיר
שָׁלוֹם מַאכֶען, עֶר וֶועט מִיט מִיר שָׁלוֹם
מַאכֶען:
6 עֶר וֶועט מַאכֶען אַז דִיא וָואס
קוּמֶען אַרוֹיס פוּן יַעֲקֹב וֶועלֶען אֵיינְ־
גֶעוָואוּרְצֶעלְט וֶוערֶען, אוּנְד יִשְׂרָאֵל
וֶועט בְּלִיהֶען אוּנְד בְּלוּמֶען מַאכֶען,

אוּנְד זַייא וֶועלֶען דִיא וֶועלְט פוּל
מַאכֶען מִיט פְּרוּכְט:
7 הָאט עֶר אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען מִיט
דֶעם שְׁלַאק פוּן זַיינֶע שְׁלֶעגֶער? אָדֶער
אִיז עֶר נִיט גֶעהַרְגְת גֶעוָוארֶען וִויא
דָאס הַרְגֶענֶען פוּן זַיינֶע הרוגים:
8 מִיט דֶעם מָאס, וֶוען מֶען הָאט
זַייא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, וֶועסְט דוּא מִיט
זַייא קְרִיגֶען, (וֶוען) עֶר הָאט אַוֶועקְ־
גֶעטְהוּן זַיין שְׁטַארְקֶען ווִינְד אִין דֶעם
טָאג פוּן דֶעם מִזְרַח ווִינְד:
9 דַארוּם וֶועט מֶען מִיט דֶעם דָאזִיגֶען
מְכַפֵּר זַיין דִיא זִינְד פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד
דָאס אִיז דִיא גַאנְצֶע פְּרוּכְט אָפְּצוּטְהוּן
זַיינֶע זִינְד, וֶוען עֶר מַאכְט אַלֶע שְׁטֵיינֶער
פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ וִויא קַאלְךְ־שְׁטֵיינֶער
וָואס זֶענֶען צוּקְלַאפְּט, בְּדֵי דִיא לִינְדֶען־
בֵּיימֶער אוּנְד זוּנְבִילְדֶער זָאלֶען נִיט
(מֶעהְר) אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט וֶוערֶען:
10 וָוארִין דִיא פֶעסְטֶע שְׁטָאט מוּז
אַלֵיין בְּלֵייבֶען, אוּנְד דִיא וְואוֹינוּנְג
וֶועט זַיין פֶערְלָאזֶען וִויא דִיא מִדְבָּר,
דָארְט וֶועט זִיךְ דָאס קַאלְבּ ווֵיידֶען,
אוּנְד דָארְט וֶועט עֶס זִיךְ לַאגֶערְן, אוּנְד
עֶס וֶועט פֶערְצֶעהְרֶען אִיהְרֶע צְווַייגֶען:
11 וֶוען דִיא צְווַייגֶען וֶועלֶען פֶערְדַארְט
וֶוערֶען, אַזוֹי וֶועלֶען זַייא אָפְּגֶעבְּרָאכֶען
וֶוערֶען, ווַייבֶּער וֶועלֶען קוּמֶען אוּנְד
זַייא אָנְצִינְדֶען, וָוארִין עֶס אִיז אַ פָאלְק
וָואס הָאט קֵיין פֶערְשְׁטַאנְד, דַארוּם
וֶועט דֶער וָואס הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט
זִיךְ נִיט אִיבֶּער אִיהְם דֶערְבַּארְמֶען,
אוּנְד זַיין בֶּעשֶׁעפֶער וֶועט אִיהְם נִיט
לֵייטְזֶעלִיגֶען:
12 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען טָאג אַזוֹי וֶועט גָאט אָפְּ־
קְלַאפֶּען פוּן דֶעם שְׁטְרָאם (פְּרָת) בִּיז
צוּ דֶעם טַייךְ פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד אִיהְר
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וֶועט צוּזַאמֶענְגֶעקְלַייעֶן
וֶוערֶען אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן:
13 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען טָאג, דָאס מֶען וֶועט בְּלָאזֶען
מִיט דֶעם גְרוֹיסֶען שׁוֹפָר, אוּנְד עֶס
וֶועלֶען קוּמֶען דִיא וָואס זֶענֶען פֶערְ־
לוֹירֶען אִין דֶעם לַאנְד אַשּׁוּר, אוּנְד
דִיא וָואס זֶענֶען פֶערְשְׁטוֹיסֶען אִין דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד זַייא וֶועלֶען זִיךְ
בִּיקֶען צוּ גָאט אוֹיף דֶעם הֵיילִיגֶען
בַּארְג אִין יְרוּשָׁלַיִם:

## קאפיטעל כח

1 אוֹי וֵויא! צוּ דִיא שְׁטָאלְצֶע קְרוֹין
פוּן דִיא שִׁכּוֹרִים פוּן אֶפְרַיִם, וֶועמֶענְס
שֵׁיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט אִיז וִויא אַ פֶערְ־
וֶועלְקְטֶע בְּלוּם, וָואס אִיז אוֹיף דֶער
שְׁפִּיץ פוּן אַ פֶעטֶען טָהָאל, וָואס
טוֹימֶעלְן דוּרְךְ דֶעם וַויין:
2 זֶעה גָאט הָאט אַ שְׁטַארְקֶען אוּנְד
מֶעכְטִיגֶען ווִינְד, וִויא אַ שְׁטוּרְם פוּן
הָאגֶעל, אַזוֹי וִויא דֶער שְׁטְרוֹים פוּן
שְׁטַארְקֶע וַואסֶערְן וָואס פֶערְפְלֵייצֶען
אַזוֹי וֶועט עֶר אַנִידֶערְלֵייגֶען צוּ דֶער
עֶרְד מִיט דֶער הַאנְד:
3 מִיט דִיא פִּיס וֶועט דִיא שְׁטָאלְצֶע
קְרוֹין פוּן דִיא שִׁכּוֹרִים פוּן אֶפְרַיִם
צוּטְרֶעטֶען וֶוערֶען:
4 אוּנְד דִיא שֵׁיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט וָואס
אִיז אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן אַ פֶעטֶען
טָהָאל וֶועט זַיין וִויא פֶערְוֶועלְקְטֶע
בְּלוּמֶען, אוּנְד אַזוֹי וִויא פְרִיהצֵייטִיגֶע
פְּרוּכְט אֵיידֶער דֶער זוּמֶער קוּמְט,
וָואס וֶוען אֵיינֶער קוּקְט זֶעהְט עֶר עֶס
אוּנְד שְׁלִינְגְט עֶס אַיין וֶוען עֶס אִיז
נָאךְ אִין זַיינֶע הַאנְד:
5 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועט יְהֹוָה

צְבָאוֹת זַיין פַאר אַ שֵׁיינֶע קְרוֹין אוּנְד
פַאר אַ גֶעצְירְטֶע הֶערְלִיכְקֵייט צוּ דִיא
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן זַיין פָאלְק:
6 אוּנְד פַאר אַ גֵייסְט פוּן מִשְׁפָּט צוּ
דֶעם וָואס זִיצְט אוֹיף דֶעם מִשְׁפָּט,
אוּנְד צוּ שְׁטַארְקֵייט צוּ דִיא וָואס
קֶעהְרֶען צוּרִיק דִיא מִלְחָמָה צוּ דֶעם
טָהאָר:
7 אוּנְד אוֹיךְ דִיזֶע הָאבֶּען גֶעאִירְט
דוּרְךְ וויין, אוּנְד דוּרְךְ שְׁטַארְקֶע גֶע־
טְרֶענְק זֶענֶען זַייא פֶערְאִירְט גֶעוָוארֶען,
דֶער כֹּהֵן אוּנְד דֶער נָבִיא הָאבֶּען גֶע־
אִירְט דוּרְךְ שְׁטַארְקֶע גֶעטְרֶענְק, זַייא
זֶענֶען פֶערְשְׁלוּנְגֶען פוּן וויין, זַייא זֶענֶען
פֶערְאִירְט דוּרְךְ שְׁטַארְקֶע גֶעטְרֶענְק,
זַייא אִירֶען זִיךְ אִין דֶעם אוֹיפְזֶעהֶען,
זַייא שְׁטְרוֹיכְלֶען אִין דֶעם מִשְׁפָּט:
8 וָוארִין אַלֶע טִישֶׁען זֶענֶען פוּל מִיט
אוֹיסְשְׁפֵּייעֶכְץ אוּנְד צוֹאָה, עֶס אִיז נִיט
דָא (אַ רֵיינֶער) אָרְט:
9 וֶועמֶען זָאל עֶר לֶערְנֶען וִויסֶענְ־
שַׁאפְט? אוּנְד וֶועמֶען זָאל עֶר גֶעבֶּען
צוּ פֶערְשְׁטֵיין דִיא גוּטֶע שְׁמוּעָה? דִיא
אָפְּגֶעווֵיינְטֶע פוּן דֶער מִילְךְ, אוּנְד דִיא
וָואס זֶענֶען אַוֶועקְגֶענוּמֶען פוּן דֶער
בְּרִיסְט?
10 וָוארִין אַ גֶעבָּאט צוּ גֶעבָּאט, אַ
גֶעבָּאט צוּ גֶעבָּאט, אַ מֶעסְט־שְׁנוּר צוּ
אַ מֶעסְט־שְׁנוּר, אַ מֶעסְט־שְׁנוּר צוּ אַ
מֶעסְט־שְׁנוּר, דָא אַ בִּיסֶעל אוּנְד דָארְט
אַ בִּיסֶעל:
11 וָוארִין מִיט אַ שְׁטַאמֶעלְדִיגֶע שְׁפְּרַאךְ,
אוּנְד מִיט אֵיין אַנְדֶער לָשׁוֹן וֶועט עֶר
רֶעדֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק:
12 וָואס עֶר וֶועט צוּ זַייא זָאגֶען,
דָאס אִיז דִיא מְנוּחָה, מִיט וֶועלְכֶע עֶר
זָאל לָאזֶען דִיא מִידֶען רוּהֶען, אוּנְד
דָאס אִיז דִיא דֶערְפְרִישׁוּנְג, אָבֶּער זַייא
הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען:
13 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט וֶועט
צוּ זַייא זַיין, אַ גֶעבָּאט צוּ אַ גֶעבָּאט,
אַ גֶעבָּאט צוּ אַ גֶעבָּאט, אַ מֶעסְט־
שְׁנוּר צוּ אַ מֶעסְט־שְׁנוּר, אַ מֶעסְט־
שְׁנוּר צוּ אַ מֶעסְט־שְׁנוּר, דָא אַ בִּיסֶעל
אוּנְד דָארְט אַ בִּיסֶעל, כְּדֵי זַייא זָאלֶען
גֵיין אוּנְד הִינְטֶער זִיךְ גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט
אוּנְד צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען, אוּנְד אִין דֶעם
נֶעץ גֶעכַאפְּט וֶוערֶען:
14 דַארוּם הֶערְט דָאס וָוארְט פוּן
גָאט אִיהְר שְׁפֶּעטֶער־לֵייט, וָואס אִיהְר
גֶעוֶועלְטִיגְט אִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק
וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם:
15 ווייל אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט מִיר
הָאבֶּען כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם
טוֹיט, אוּנְד מִיט דֶעם שְׁאוֹל הָאבֶּען
מִיר גֶעמַאכְט אַ קָאנְטְרַאקְט, וֶוען דִיא
אִיבֶּערפְלֵייצוּנְג וֶועט אַרִיבֶּערְגֵיין אַזוֹי
וֶועט זִיא נִיט צוּ אוּנְס אָנְקוּמֶען, וָוארִין
מִיר הָאבֶּען גֶעמַאכְט אַ לִיגֶען צוּ
אוּנְזֶערֶע בֶּעשִׁיצוּנְג, אוּנְד אִין פַאלְשְׁקֵייט
הָאבֶּען מִיר אוּנְס פֶערְבָּארְגֶען:
16 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
זֶעה אִיךְ לֵייג אִין צִיּוֹן אַ גְרוּנְד־שְׁטֵיין,
אַ גֶעפְּרִיפְטֶען, אַ טֵייעֶרְן עֶק־שְׁטֵיין,
פֶעסְט גֶעגְרִינְדֶעט, דֶער וָואס גְלֵייבְּט
זָאל (זִיךְ) נִיט אֵיילֶען:
17 אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען דָאס מִשְׁפָּט
צוּ אַ מֶעסְט־שְׁנוּר, אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
צוּ אַ גֶעוִויכְט־שְׁנוּר, אוּנְד דֶער הָאגֶעל
וֶועט אַוֶועקְקֶעהְרֶען דִיא בֶּעשִׁיצוּנְג פוּן
לִיגֶען, אוּנְד דִיא וַואסֶער וֶועלֶען
אַוֶועקְרֵייסֶען דִיא פֶערְבָּארְגֶענִים:
18 אוּנְד אֵייעֶר בְּרִית מִיט דֶעם טוֹיט
וֶועט צוּשְׁטֶערְט וֶוערֶען, אוּנְד אֵייעֶר

קאָנטראַקט מיט דעם שאול וועט ניט
בעשטעהן, ווען דיא איבערפלייצונג וועט
אַריבערגעהן אַזוי וועט איהר צוטרעטען
ווערען:
19 ווען עס וועט אַריבערגעהן אַזוי
וועט עס אייך צונעמען, וואָרין איט־
ליכען פריה־מאָרגען וועט זיא איבער־
פאָהרען, ביים טאָג אונד ביים נאַכט,
עס וועט זיין אַ ציטערניס נאָר צו
פערשטעהן דאָס געהערטע:
20 וואָרין דאָס בעט איז קורצער פון
דעם וואָס שטרעקט זיך אויס דאַרויף,
אונד דיא צודעק איז שמעלער פון
דעם וואָס וויקעלט זיך איין:
21 וואָרין גאָט וועט אויפשטעהן אַזוי
וויא אויף דעם באַרג פרצים, אַזוי וויא
אין דעם טהאָל אין גבעון וועט ער
צאָרנען, זיינע מעשים צו טהון,—זיינע
פרעמדע מעשים, אונד זיינע עבודה
צו טהון,—זיינע פרעמדע עבודה:
22 אונד אַצונד זאָלט איהר ניט מעהר
שפעטען, טאָמער וועלען זיך אייערע
יסורים שטאַרקען, וואָרין איך האָב גע־
הערט פון דעם האַר יהוה צבאות, אַז
אַ פערלענדונג אונד אַ גזרה איז
(אויסגעגאַנגען) איבער דעם גאַנצען
לאַנד:
23 פערנעהמט עס אונד הערט צו מיין
קול, פערנעהמט עס אונד הערט צו
מיינע רייד:
24 אַקערט דען דער אַקערמאַן דעם
גאַנצען טאָג צו זייען? טהוט ער
דען אויפמאַכען אונד צוברעקלען זיין
פעלד?
25 איז עס דען ניט אַזוי, ווען ער
האָט זיא אויבען גלייך געמאַכט אַזוי
שטרייט ער דאַרויף קימעל אונד כמון,
אונד ער לייגט ווייץ אין שורות, אונד
גערשט בעזונדערס אפגעצייכענט, אונד
מאַכט דונקעל ווייץ זיינע גרענעץ:
26 וואָרין זיין גאָט שטראָפט איהם
נאָך דעם משפט אונד לעהרט איהם:
27 וואָרין קימעל ווערט ניט געדרעשט
מיט דעם דרעשהאָלץ, אונד כמון ווערט
ניט געדרייט מיט אַ ראָד פון אַ וואָגען,
נייערט מיט אַ שטעקען ווערט קימעל
אויסגעקלאַפט, אונד כמון מיט אַ רוט:
28 ווערט דען ברויט (קאָרן) דין גע־
שטויסען? ניין ער וועט עס ניט
אייביג דרעשען אונד טרעטען מיט
דעם ראָד פון זיין וואָגען, אונד מיט
דעם רייטוואָגען וועט ער עס אויך
ניט צושטויסען:
29 אויך דאָס דאָזיגע איז פון יהוה
צבאות אַרויסגעגאַנגען, וואָס ער איז
וואונדערליך אין דער עצה אונד איז
גרויס אין זיינער אויספיהרונג:

קאַפּיטעל כט

1 אוי וויי! אַריאל אַריאל, דיא
שטאָט אין וועלכע דוד האָט געוואוינט,
(איהר) מעהרט יאָהר צו יאָהר, אייערע
ימים טובים מעגען זיך דרעהען:
2 דאָך וועל איך אַריאל בעדרענגען,
אונד זיא וועט זיין צו אַ קלאָג, אונד
דיא קלאָג וועט צו מיר זיין אַזוי וויא
אַריאל:
3 אונד איך וועל מיך בעלאַגערן
רינגס אַרום קעגען דיר, אונד איך
וועל דיך אַרום רינגלען מיט (מיליטער)
אויפשטעלונג, אונד איך וועל קעגען
דיר אויפריכטען פעסטונגען:
4 אונד דוא וועסט דערנידעריגט ווער־
רען, אונד אויס דער ערד וועסט דוא
רעדען, אונד דיינע שפראַכע וועט פון

רֶעם שְׁטױבּ שְׁטִיל אַרױסְרֶעדֶען, אוּנְד דַיין קוֹל װֶעט זַיין אַזױ װִיא פוּן אַ מְכַשֵׁף אױס דֶער עֶרְד, אוּנְד דַיינֶע שְׁפְּרַאכֶע װֶעט (וו״א) אױס דֶעם שְׁטױבּ פִּיפְּשֶׁען:

5 אָבֶּער דִיא מַאסֶע פוּן דַיינֶע פַיינְד װֶעט זַיין אַזױ װִיא דֶער דִינֶער שְׁטױבּ, אוּנְד דִיא מַאסֶע פוּן דִיא גֶעװַאלְטִיגֶע װִיא דִיא פְּלַאוֶוע װָאס גֵייט פַארִיבֶּער, אוּנְד דָאס װֶעט פְּלוּצְלִינְג גֶעשֶׁעהֶען:

6 פוּן יְהוָֹה צְבָאוֹת װֶעסְט דוּא בֶּע־שְׁטְרָאפְט װֶערֶען מִיט אַ שְׁטוּרְם אוּנְד מִיט רַעַשׁ אוּנְד אַ גְרױס קוֹל, מִיט אַ שְׁטוּרְמְװִינְד אוּנְד אַ בְּרֶענֶענְדִיגֶע פַייעֶר פְלַאם:

7 אוּנְד עֶס װֶעט זַיין אַזױ װִיא אַ חָלוֹם װָאס מֶען זֶעהְט בַּייא נַאכְט, אַזױ װֶעט זַיין דִיא מַאסֶע פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער װָאס שְׁטֶעלֶען זִיךְ צוּ מִלְחָמָה קֶעגֶען אֲרִיאֵל, אוּנְד אַלֶע אִיהְרֶע מִילִיטֶער אױפְשְׁטֶעלוּנְג אוּנְד אִיהְרֶע פֶעסְטוּנְגֶען, אוּנְד דִיא װָאס בֶּעדְרֶענְגֶען זִיא:

8 אוּנְד עֶס װֶעט זַיין אַזױ װִיא אַ הוּנְגֶערִיגֶער חָלוֹמְט אַז עֶר עֶסְט, אוּנְד װֶען עֶר װַאכְט אױף אִיז זַיין נֶפֶשׁ לֵיידִיג, אוּנְד אַזױ װִיא אַיין דוּרְשְׁטִיגֶער חָלוֹמְט אַז עֶר טְרִינְקְט, אוּנְד װֶען עֶר װַאכְט אױף אִיז עֶר פֶערְשְׁמַאכְט אוּנְד זַיין נֶפֶשׁ אִיז מִיד, אַזױ װֶעט זַיין דִיא מַאסֶע פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער װָאס װֶעלֶען שַׁארֶען־װײז קוּמֶען קֶעגֶען דֶעם בַּארְג צִיּוֹן:

9 פֶערְזױמְט אֵייךְ, אוּנְד פֶערְװוּנְדֶערְט אֵייךְ, שְׁרֵייעֶט אױס אַ גֶעשְׁרַייא, זַייא שִׁכּוֹר אָבֶּער נִיט פוּן װַיין, זַייא שָׁאקֶעלְן זִיךְ אָבֶּער נִיט פוּן שְׁטַארְקֶע גֶעטְרֶענְק:

10 װָארִין גָאט הָאט אִיבֶּער אֵייךְ אױסְגֶעגָאסֶען אַ גַייסְט פוּן טִיפֶען שְׁלָאף, אוּנְד עֶר הָאט צוּגֶעהַאלְטֶען אֵיירֶע אױגֶען, דִיא נְבִיאִים אוּנְד אֵיירֶע הױפְּט זֶעהֶערְס הָאט עֶר צוּגֶעדֶעקְט:

11 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע נְבוּאָה אִיז צוּ אֵייךְ גֶעװָארֶען װִיא דִיא װֶערְטֶער פוּן אַ פֶערְזִיגֶעלְטֶען סֵפֶר (בְּרִיף) װָאס װֶען מֶען גִיט עֶס צוּ דֶעם װָאס פֶערְשְׁטֵייט אַ סֵפֶר, אוּנְד מֶען זָאגְט צוּ אִיהְם, אִיךְ בֶּעט דִיךְ לֵייעֶן דָאךְ דָאס, אָבֶּער עֶר זָאגְט, אִיךְ קֶען נִיט, װַייל עֶס אִיז פֶערְחַתָמֶת:

12 אוּנְד מֶען גִיט דָאס סֵפֶר צוּ דֶעם װָאס פֶערְשְׁטֵייט נִיט קֵיין סֵפֶר אוּנְד מֶען זָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ לֵייעֶן דָאךְ דָאס, אָבֶּער עֶר זָאגְט, אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא נִיט קֵיין סֵפֶר:

13 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, דַארוּם, װַייל דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק גֶע־נֶעהְנְט זִיךְ צוּ מִיר מִיט זַייעֶר מױל, אוּנְד מִיט זַיירֶע לִיפֶּען הַאלְטֶען זַייא מִיךְ בְּכָבוֹד, אָבֶּער זַייעֶר הַארְץ הָאבֶּען זַייא דֶערְװַייטֶערְט פוּן מִיר, אוּנְד זַיירֶע מוֹרָא פַאר מִיר אִיז אַיין אױסְגֶעלֶערְנְטֶעס גֶעבָּאט פוּן מֶענְשֶׁען:

14 דַארִיבֶּער, זֶעה, אִיךְ װֶעל פֶערְ־מֶעהְרֶען אַ װוּנְדֶערְלִיכֶע זַאךְ מִיט דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק, אַ װוּנְדֶער אױף אַ װוּנְדֶער,—װָארִין דִיא חָכְמָה פוּן זַיינֶע חֲכָמִים װֶעט פֶערְלוֹירֶען װֶערֶען, אוּנְד דֶער פֶערְשְׁטַאנְד פוּן זַיינֶע פֶערְ־שְׁטֶענְדִיגֶע װֶעט פֶערְבָּארְגֶען זַיין:

15 אוֹי װֵייא! װָאס זוּכֶען טִיף צוּ פֶערְבָּארְגֶען זַיירֶע עֵצָה פוּן גָאט, אוּנְד זַיירֶע מַעֲשִׂים װֶערֶען גֶעטְהוּן אִין דֶעם פִינְסְטֶערְן, אוּנְד זַייא זָאגֶען װֶער זֶעהְט עֶס? אוּנְד װֶער װֵייס עֶס?

16 אֵייעֶרע פֶערקֶעהְרטֶע וֶועט גֶערֶעכֶענְט
וֶוערֶען וִויא דֶעם טֶעפֶּער'ס לֵיים, קֶען
דֶען דִיא מַעֲשֶׂה זָאגֶען אוֹיף זֵיין בֶּעַ־
שֶׁעפֶּער, עֶר הָאט מִיךְ נִיט גֶעמַאכְט?
אָדֶער קֶען דָאס בֶּעשֶׁעפֶענִיס זָאגֶען צוּ
זֵיין בֶּעשֶׁעפֶער—,עֶר פֶערְשְׁטֵייט נִיט?
17 אִיז עֶס נִיט אִין אַ קְלֵיינֶע צֵייט
אַזוֹי וֶועט דֶער לְבָנוֹן אוּמְקֶעהְרֶען צוּ
אֵיין פְּרוּכְטְבַּארֶעס פֶעלְד, אוּנְד אַ
פְּרוּכְטְבַּארֶעס פֶעלְד וֶועט גֶערֶעכֶענְט
וֶוערֶען צוּ אֵיין וַואלְד:
18 אוּנְד אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג וֶועלֶען
דִיא טוֹיבֶּע הֶערֶען דִיא וֶוערְטֶער פוּן
דֶעם סֵפֶר, אוּנְד פוּן דֶער דוּנְקֶעלְהֵייט
אוּנְד פִינְסְטֶערְנִיס וֶועלֶען דִיא אוֹיגֶען
פוּן דִיא בְּלִינְדֶע זֶעהֶען:
19 אוּנְד דִיא דֶעמִיטִיגֶע וֶועלֶען מֶעהְ־
רֶען אִיהְרֶע שִׂמְחָה אִין דֶעם הַאר,
אוּנְד דִיא נוֹיטְבֶּעדִירְפְטִיגֶע מֶענְשֶׁען
וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן אִין דֶעם הֵיילִיגֶען
פוּן יִשְׂרָאֵל:
20 וָוארִין דִיא גֶעוַואלְטִיגֶע הָאבֶּען
אוֹיפְגֶעהֶערְט, אוּנְד דֶער שְׁפֶּעטֶער אִיז
פֶערְלֶענְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶער
וָואס אֵיילְט אוּמְרֶעכְט צוּ טְהוּן וֶועט
פֶערְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען:
21 דִיא וָואס מַאכֶען אַ מֶענְשׁ זִינְדִיגֶען
מִיט אַ וָוארְט, אוּנְד וָואס מַאכֶען אַ
שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פַאר דֶעם וָואס שְׁטְרָאפְט
אִין דֶעם טְהָאר, אוּנְד דִיא וָואס נֵייגֶען
אָפּ מִיט פַאלְשֶׁע זַאכֶען דֶעם צַדִיק:
22 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט גָאט צוּ דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יַעֲקֹב, דֶער וָואס הָאט
אוֹיסְגֶעלֵייזְט דֶעם אַבְרָהָם, אַצוּנְד וֶועט
זִיךְ יַעֲקֹב נִיט שֶׁעמֶען, אוּנְד אַצוּנְד
וֶועט זֵיין פָּנִים נִיט בְּלֵייךְ וֶוערֶען:
23 וָוארִין וֶוען עֶר וֶועט זֶעהֶען זֵיינֶע
קִינְדֶער דָאס וֶוערְק פוּן מֵיינֶע הֶענְד
צְוִוישֶׁען זִיךְ, אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא הֵיילִיגֶען
מֵיין נָאמֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען הֵיילִיגֶען
דֶעם הֵיילִיגֶען (גָאט) פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד
זֵייא וֶועלֶען פָארְכְטֶען דֶעם גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל:
24 אוּנְד אוֹיךְ דִיא וָואס זֶענֶען פֶערְ־
אִירְט גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם גֵייסְט, דִיא
וֶועלֶען קוּמֶען צוּ פֶערְשְׁטַאנְד, אוּנְד
דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעמוּרְמֶעלְט וֶועלֶען
מְקַבֵּל זֵיין אַ לֶערְנוּנְג:

קאפיטעל ל

1 אוֹי וֵוייא! צוּ דִיא קִינְדֶער וָואס
טְהוּן אָפְּקֶעהְרֶען, זָאגְט גָאט, צוּ טְהוּן
אֵיין עֵצָה אָבֶּער נִיט פוּן מִיר, אוּנְד
וָואס בֶּעדֶעקֶען זִיךְ מִיט אַ דֶעק, אָבֶּער
נִיט דוּרְךְ מֵיין גֵייסְט, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען
פֶערְמֶעהְרֶען זִינְד אִיבֶּער זִינְד:
2 וָואס גֵייעֶן אַרוּפְצוּנִידֶערְן נָאךְ
מִצְרַיִם, אָבֶּער מִיךְ הָאבֶּען זֵייא נִיט
אָנְגֶעפְרֶעגְט, אוּם זִיךְ צוּ שְׁטַארְקֶען
אִין דִיא שְׁטַארְקֵייט פוּן פַּרְעוֹה אוּנְד
זִיךְ צוּ בֶּעשִׁיצֶען אִין דֶעם שָׁאטֶען פוּן
מִצְרַיִם:
3 אָבֶּער דִיא שְׁטַארְקֵייט פוּן פַּרְעוֹה
וֶועט צוּ אֵייךְ זֵיין אַ בּוּשָׁה, אוּנְד אֵייעֶרע
בֶּעשִׁיצוּנְג אִין דֶעם שָׁאטֶען פוּן מִצְרַיִם
צוּ אַ שַׁאנְד:
4 וָוארִין זֵיינֶע הַארֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אִין צוֹעַן, אוּנְד זֵיינֶע שְׁלוּחִים זֶענֶען
אִין חָנֵס אָנְגֶעקוּמֶען:
5 זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע פֶערְשֶׁעמְט
וֶועגֶען דֶעם פָאלְק וָואס הָאט זֵייא
גָאר נִיט גֶענוּצְט, נִיט צוּ אַ הִילְף אוּנְד
צוּ קֵיין נוּצֶען, נֵייעֶרְט זֵייא זֶענֶען גֶעַ־
וֶועזֶען צוּ אַ בּוּשָׁה אוּנְד צוּ אַ חֶרְפָּה:
6 דִיא נְבוּאָה אִיבֶּער בַּהֲמוֹת פוּן

דָרום־זֵייט, אִין אֵיין לַאנְד פון צָרָה
אונְד עֶנְגְשַׁאפְט, פון וָואו דִיא אַלְטֶע
אונְד יונְגֶע לֵייבֶען קומֶען, דִיא אָטֶער־
שְׁלַאנְג אונְד בְּרֶענֶענְדִיגֶע פְלִיהֶענְדֶע
שְׁלַאנְג, זֵייא וֶועלֶען טְרָאגֶען זֵייעֶר
פֶערְמֶעגֶען אויף דִיא אַקְסֶעלְן פון
יונְגֶע אֵייזֶעלְן, אונְד זֵייעֶרֶע אוצְרוֹת
אויף דִיא הַארְבֶּעס (הויקֶערְן) פון דִיא
קֶעמֶעלְן צו אַ פָאלְק וָואס נִיצְט זֵייא
גָאר נִיט:
7 וָוארִין דִיא הִילְף פון מִצְרַיִם אִיז
הֶבֶל אונְד לֶערְקֵייט, דַארום הָאבּ אִיךְ
דָאס דָאזִיגֶע גֶערופֶען, זֵייעֶר שְׁטַארְקֵייט
אִיז שְׁטִיל צו זִיצֶען:
8 אַצוּנְד קום שְׁרֵייב עֶס אויף פַאר
זֵייא אויף אַ טָאוֶועל, אונְד צֵייכֶען עֶס
אויף אִין אַ בּוּךְ, אַז עֶס זָאל זֵיין פַאר
דֶעם לֶעצְטֶען טָאג, בִּיז אויף אִימֶער
אונְד אֵייבִּיג:
9 וָוארִין דָאס אִיז אֵיין ווִידֶערשְׁפֶּענִיג
פָאלְק, קִינְדֶער וָואס זֶענֶען לִיגְנֶערְס,
קִינְדֶער וָואס ווִילֶען נִיט הֶערֶען דִיא
תּוֹרָה פון גָאט:
10 וָואס זָאגֶען צו דִיא זֶעהֶערְס, אִיהְר
זָאלְט נִיט זֶעהֶען אונְד צו דִיא נְבִיאִים
אִיהְר זָאלְט אונְס קֵיין רֶעכְטֶע נְבוּאוֹת
נִיט זָאגֶען, (גֵייעֶרְט) רֶעט צו אונְס
גְלַאטֶע זַאכֶען, זָאגְט שְׁפֶּעטֶערִינְגֶע
נְבוּאוֹת:
11 קֶעהְרְט אונְס אָפּ פון דֶעם וֶועג,
נֵייגְט אונְס אָפּ פון דֶעם שְׁטֶעג, מַאכְט
אַז דֶער הֵיילִיגֶער פון יִשְׂרָאֵל זָאל פון
אונְס אויפְהֶערֶען:
12 דַארום, אַזוֹי זָאגְט דֶער הֵיילִיגֶער
פון יִשְׂרָאֵל, ווֵייל אִיהְר הָאט פֶערְ־
אַכְטֶעט דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט אונְד אִיהְר
הָאט פֶערטְרויעֶט אויף רויבֶּערַייא
אונְד פֶערקְרִימְטֶעס, אונְד אִיהְר הָאט
אֵייךְ אויף אִיהם אָנְגֶעלֶעהְנְט:
13 דַארִיבֶּער וֶועט דִיא דָאזִיגֶע זִינְד
זֵיין צו אֵייךְ אַזוֹי וִויא אַ בְּרָאךְ אִין אַ
הויכֶע מויעֶר וָואס אִיז בֶּערֵייט צו
פַאלֶען, וָואס דֶער בְּרָאךְ דַאפוּן קוּמְט
אָן גַאנְץ פְּלוּצְלִינְג:
14 אונְד אִיהְר בְּרָאךְ וֶועט זֵיין אַזוֹי
וִויא דֶער בְּרָאךְ פון אַ טֶעפֶּערְס
לֶאגֶעל וָואס אִיז צוּשְׁטויסֶען אִין שְׁטִיקְ־
לֶעךְ אָהְן דֶערְבַּארְמֶען, אַזוֹי אַז עֶס
זָאל נִיט דַאפוּן גֶעפוּנֶען וֶוערֶען אַ
שַׁארְבֶּען מִיט וָואס מֶען קֶען מִיט
אִיהם אַרויסְשַׁארֶען פֵייעֶר פון דֶעם
בְּרַאנְד, אָדֶער אָנְצוּשֶׁעפֶּען וַואסֶער פון
אַ גְרוּב:
15 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, יְהוָֹה
דֶער הֵיילִיגֶער פון יִשְׂרָאֵל, דורךְ תְּשׁוּבָה
טְהוּן אונְד מִיט נַחַת וֶועט אִיהְר גֶע־
הָאלְפֶען וֶוערֶען, מִיט שְׁטִילְקֵייט אונְד
זִיכֶערְהֵייט וֶועט זֵיין אֵייעֶרֶע שְׁטַארְקְהֵייט,
אָבֶּער אִיהְר הָאט נִיט גֶעוָואלְט:
16 אונְד אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט, נֵיין!
גֵייעֶרְט מִיר וֶועלֶען עֶנְטְלויפֶען אויף
פֶערְד, דַארוּם וֶועט אִיהְר מוּזֶען עֶנְטְ־
לויפֶען, אונְד אויף פְלִינְקֶע (אָדֶער
לֵייכְטֶע פֶערְד) וֶועלֶען מִיר רֵייטֶען,
דַארוּם וֶועלֶען זֵייא אֵייךְ אויף פְלִינְקֶע
(פֶערְד) נָאכְיָאגֶען:
17 אֵיין טויזֶענְד פון אֵייךְ וֶועט עֶנְטְ־
לויפֶען פַאר דֶעם גֶעשְׁרַייא פון אֵיינֶעם,
אונְד פַאר דֶעם גֶעשְׁרַייא פון פִינְף,
וֶועט אִיהְר (אַלֶע) עֶנְטְלויפֶען, בִּיז
אִיהְר וֶועט אִיבֶּערבְּלֵייבֶּען וִויא אַ
שְׁטַאנְג אויף אַ שְׁפִּיץ־בַּארְג, אונְד וִויא
אַ פָאהְן אויף דֶער הֵייךְ:
18 אונְד דַארוּם וֶועט גָאט וַוארְטֶען

אַז עֶר זָאל אֵייךְ לֵייטזֶעלִיגֶען, אוּנְד
דַארוּם וֶועט עֶר דֶערְהֵייכְט וֶוערֶען אַז
עֶר זָאל זִיךְ אִיבֶּער אֵייךְ דֶערְבַּארְמֶען,
וָוארִין יְהוָֹה אִיז אַ גָאט פוּן מִשְׁפָּט,
גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען אַלֶע וָואס הָאפֶען
אוֹיף אִיהְם:
19 וָוארִין דָאס פָאלְק וָואס וֶועט
אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען אִין צִיוֹן וֶועט וְואוֹינֶען
אִין יְרוּשָׁלַיִם, דוּא וֶועסְט נִיט מֶעהְר
וֵויינֶען, עֶר וֶועט זִיךְ גוּט דֶערְבַּארְמֶען
אִיבֶּער דֶעם קוֹל פוּן דֵיין גֶעשְׁרֵייא,
וֶוען עֶר וֶועט עֶס הֶערֶען אַזוֹי וֶועט
עֶר דִיר עֶנְטְפֶערְן:
20 אוּנְד חָאטְשֶׁע דֶער הַאר וֶועט צוּ
אֵייךְ גֶעבֶּען בְּרוֹיט פוּן נוֹיט (בֶּע־
דְרֶענְגְנִיס) אוּנְד וַואסֶער פוּן נוֹיט
(אוּנְטֶערדְרִיקוּנְג) דָאךְ וֶועלֶען דֵיינֶע
לֶעהְרֶער נִיט מֶעהְר פוּן דִיר בֶּעהַאלְטֶען
זֵיין (אִין אַ וִוינְקֶעל), נֵייעֶרְט דֵיינֶע
אוֹיגֶען וֶועלֶען זֶעהֶען דֵיינֶע לֶעהְרֶערְס:
21 אוּנְד דֵיינֶע אוֹירֶען וֶועלֶען הֶערֶען
אַ וָוארְט הִינְטֶער דִיר זָאגֶען, דָאס אִיז
דֶער וֶועג גֵייט דַארִין, וֶוען אִיהְר וֶועט
אֵייךְ קֶעהְרֶען רֶעכְטְס אָדֶער לִינְקְס:
22 אוּנְד אִיהְר וֶועט פַאר טָמֵא הַאלְ־
טֶען דִיא צוּדֶעק פוּן דִיא זִילְבֶּערְנֶע
גֶעצֶענְבִּילְדֶער, אוּנְד דִיא אָנְגַארְטוּנְג
פוּן דֵיינֶע גֶענָאסֶענֶע גָאלְדֶענֶע (בִּילְ־
דֶער), דוּא וֶועסְט זֵייא אַוֶועקְוַוארְפֶען
וִויא אַ שְׁמוּצִיגֶעס נִדָה קְלֵייד, דוּא
וֶועסְט דַאצוּ זָאגֶען גֵייא אַרוֹיס:
23 אוּנְד עֶר וֶועט גֶעבֶּען רֶעגֶען צוּ
דֵיין זָאמֶען מִיט וָואס דוּא וֶועסְט זֵייעֶן
דָאס לַאנְד, אוּנְד בְּרוֹיט פוּן דֶער
תְּבוּאָה פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד עֶס וֶועט
זֵיין פֶעט וִויא בּוֹימְאֵייל, אוּנְד דֵיין
פִיךְ וֶועט זִיךְ אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג
ווַיידֶען (פַּאשֶׁען) אוֹיף אַ בְּרֵייטֶע
פְּלַאץ:
24 אוּנְד דִיא אָקְסֶען אוּנְד אֵייזֶעלְךְ
וָואס וֶועלֶען דָאס לַאנְד בֶּעאַרְבֵּייטֶען,
וֶועלֶען עֶסֶען גוּטֶע גֶעמִישְׁטֶע תְּבוּאָה,
וָואס וֶועט זֵיין גֶערֵיינִיגְט מִיט דֶער
וַוארְפְשׁוֹיפֶעל אוּנְד מִיט אַ זִיבּ:
25 אוּנְד אוֹיף אִיטְלִיכֶען הוֹיכֶען בַּארְג
אוּנְד אוֹיף אִיטְלִיכֶער הֵייךְ וֶועלֶען זֵיין
וַואסֶערְטֵייכְלֶעךְ, אִין דֶעם טָאג פוּן
דֶער גְרוֹיסֶער הַרוּגָה וֶוען דִיא טְהוּרְמֶען
וֶועלֶען אֵיינְפַאלֶען:
26 אוּנְד דָאס לִיכְט פוּן דֶער לְבָנָה
וֶועט זֵיין אַזוֹי וִויא דָאס לִיכְט פוּן דֶער
זוּן, אוּנְד דָאס לִיכְט פוּן דֶער זוּן וֶועט
זֵיין זִיבֶּען מָאל אַזוֹי פִיל, וִויא דָאס
לִיכְט פוּן זִיבֶּען טֶעג, אִין דֶעם טָאג
וֶוען גָאט וֶועט פֶערְבִּינְדֶען דֶעם בְּרָאךְ
פוּן זֵיין פָאלְק, אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט
הֵיילֶען דִיא וְואוּנְד פוּן זֵיינֶע מַכָּה:
27 זֶעה, דֶער שֵׁם פוּן יְהוָֹה קוּמְט
פוּן ווַייטֶען, זֵיין צָארְן בְּרֶענְט מִיט אַ
שְׁטַארְקֶען רוֹיךְ, זֵיינֶע לִיפֶּען זֶענֶען
פוּל מִיט גְרִימְצָארְן, אוּנְד זֵיינֶע צוּנְג
וִויא אַ פֵייעֶר וָואס פֶערְבְּרֶענְט:
28 אוּנְד זֵיין הוֹיךְ אִיז וִויא אַ פֶערְ־
פְלֵייצֶענְדֶער טֵייךְ וָואס גְרֵייכְט בִּיז צוּ
דֶעם הַאלְז, כְּדֵי דִיא פֶעלְקֶער צוּ
זִיבֶּען מִיט אַ פַאלְשֶׁע זִיבּ, אוּנְד עֶס
וֶועט זֵיין אוֹיף דִיא קִינְבַּאקֶען פוּן דִיא
פֶעלְקֶער אַ צוֹים וָואס מַאכְט פֶערְ־
אִירֶען:
29 אוּנְד עֶס וֶועט צוּ אֵייךְ זֵיין אַ
גֶעזַאנְג וִויא אִין דֶער נַאכְט פוּן אַ
גֶעהֵיילִיגְטֶען יוֹם טוֹב, אוּנְד פְרֵיילִיכֶע
הַארְצֶער, אַזוֹי וִויא אֵיינֶער וָואס גֵייט
אַרוֹם מִיט אַ פְלֵייט אַרֵיינְצוּקוּמֶען

אויף

אוֹיף דֶעם בַּארְג פוּן גָאט, צוּ דֶעם
(שְׁטַארְקֶען) בֶּעשֶׁעפֶּער פוּן יִשְׂרָאֵל:
30 אוּנְד גָאט וָועט לָאזֶען הֶערֶען
דָאס קוֹל פוּן זַיְינֶע שֵׁיינְהַייט, אוּנְד
דָאס אַרוּפְּלָאזֶען פוּן זַיין אָרֶעם וָועט
גֶעזֶעהֶען וָוערֶען מִיט דֶעם גְרִימְצָארְן
אוּנְד מִיט אַ פְלַאם פוּן פֶערְבְּרֶענֶענְדֶעם
פֵייעֶר, מִיט בְּלִיץ אוּנְד שְׁטָארְם אוּנְד
הָאגֶעל־שְׁטֵיינֶער:
31 וָוארִין דוּרְךְ דֶעם קוֹל פוּן גָאט
וָועט אַשּׁוּר צוּבְּרָאכֶען וָוערֶען, מִיט אַ
רוּט וָועט עֶר אִיהְם שְׁלָאגֶען:
32 אוּנְד אַלֶערְטְוֶועגֶען אַווְאוּ דֶער
גֶעגְרוּנְדֶעטֶער שְׁטֶעקֶען וָועט אִיבֶּערְ־
פָּאהְרֶען, וָואס גָאט וָועט אוֹיף אִיהְם
לָאזֶען רוּהֶען וָועט זַיין מִיט פּוֹיקֶען
אוּנְד הַארְפֶען, אוּנְד מִיט אוֹיפְּ־
גֶעהוֹיבֶּענֶע מִלְחָמוֹת וָועט עֶר דַאמִיט
מִלְחָמָה הַאלְטֶען:
33 וָוארִין דָאס גֵיהִנוֹם אִיז שׁוֹין פוּן
לַאנְג אַהֶער אָנְגֶעבְּרֵייט, עֶס אִיז אוֹיךְ
אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר דֶעם מֶלֶךְ, עֶר הָאט
עֶס גֶעמַאכְט טִיף אוּנְד בְּרֵייט, אִיהְרֶע
פְלַאם הָאט פִיל פֵייעֶר אוּנְד הָאלְץ,
דֶער אָטֶעם פוּן גָאט וָועט עֶס אָנְ־
צִינְדֶען וִויא אַ טֵייךְ פוּן שְׁוֶועבֶּעל:

## קאפיטעל לא

1 אוֹי וֵויא! וָואס גֵייעֶן אַרוּפּ נָאךְ
מִצְרַיִם נָאךְ הִילְף, אוּנְד פֶערְזִיכֶערְן
זִיךְ אִין פֶערְד, אוּנְד פֶערְטְרוֹיעֶן אוֹיף
רֵייטְוֶועגֶען, וֵוייל זֵייא זֶענֶען פִיל,
אוּנְד אוֹיף רֵייטֶער וֵוייל זֵייא זֶענֶען
זֶעהְר שְׁטַארְק, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט
גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם הֵיילִיגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד גָאט הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעפָארְשְׁט:
2 אָבֶּער עֶר אִיז אוֹיךְ קְלוּג אוּנְד עֶר
הָאט שְׁלֶעכְטֶעס גֶעבְּרַאכְט, אוּנְד עֶר
הָאט נִיט אָפְּגֶעטְהוּן זַיְינֶע וָוערְטֶער,
אוּנְד עֶר וָועט אוֹיפְשְׁטֵיין קֶעגֶען דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע, אוּנְד
קֶעגֶען דִיא הִילְף וָואס טְהוּעֶן אוּמְ־
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט:
3 וָוארִין דִיא מִצְרַיִם זֶענֶען מֶענְשֶׁען
אוּנְד קֵיין גָאט, אוּנְד זֵייעֶרֶע פֶערְד
זֶענֶען פְלֵיישׁ אוּנְד נִיט גֵייסְט, וֶוען
גָאט וָועט נֵייגֶען זַיְינֶע הַאנְד אַזוֹי
וָועט דֶער הֶעלְפֶער שְׁטְרוֹיכְלֶען, אוּנְד
דֶער גֶעהָאלְפֶענֶער וָועט פַאלֶען, אוּנְד
זֵייא וָועלֶען צוּזַאמֶען אוּמְקוּמֶען:
4 וָוארִין אַזוֹי הָאט גָאט צוּ מִיר גֶע־
זָאגְט, אַזוֹי וִויא דֶער לֵייבּ אוּנְד יוּנְגֶער
לֵייבּ בְּרוּמְט אִיבֶּער זַיין פֶערְצִיקְטֶעס,
וֶוען אַ גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן פַאסְ־
טוּכֶער זֶענֶען קֶעגֶען אִיהְם צוּזַאמֶענְ־
גֶערוּפֶען, אַזוֹי שְׁרֶעקְט עֶר זִיךְ דָאךְ
נִיט פַאר זֵייעֶר קוֹל, אוּנְד פוּן וֶועגֶען
זֵייעֶרֶע מַאסֶע מַאכְט עֶר זִיךְ נִיט
אוּנְטֶערְטֶענִיג, (גְרָאד) אַזוֹי וָועט יְהֹוָה
צְבָאוֹת אַרוּפְּקוּמֶען מִלְחָמָה צוּהַאלְטֶען
אוֹיף דֶעם בַּארְג צִיּוֹן אוּנְד אוֹיף אִיהְר
הֵייךְ:
5 אַזוֹי וִויא פֵייגֶעל וֶוען זֵייא פְלִיהֶען
אַזוֹי וָועט יְהֹוָה צְבָאוֹת בֶּעשִׁיצֶען
יְרוּשָׁלַיִם, עֶר וָועט בֶּעשִׁיצֶען אוּנְד
מַצִּיל זַיין, אַרִיבֶּערְגֵייעֶנְדִיג וָועט עֶר
זִיא עֶנְטְרִינֶען מַאכֶען:
6 קֶעהְרְט אֵייךְ צוּ דֶעם פוּן וֶועמֶען
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ טִיף
(אָדֶער שְׁטַארְק) אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט:
7 וָוארִין אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וָועט
אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ אַוֶועקְוַוארְפֶען זַיְינֶע
זִילְבֶּערְנֶע אָדֶער גָאלְדֶענֶע אָפְּגֶעטֶער
וָועלְכֶע אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע הֶענְד הָאבֶּען
גֶעמַאכְט צוּ אַ זִינְד:



אונד

8 אוּנְד אַשׁוּר װֶעט פַאלֶען דוּרְךְ אַ שְׁװֶערְט, װָאס אִיז נִיט פוּן אַ מַאן, אוּנְד אַ שְׁװֶערְט װָאס אִיז נִיט פוּן אַ גֶעמֵיינֶעם מֶענְשׁ װֶעט זֵייא פְרֶעסֶען, אוּנְד עֶר װֶעט עֶנְטְלוֹיפֶען פוּן װֶעגֶען דֶעם שְׁװֶערְט, אוּנְד זֵיינֶע אוֹיסְדֶערְװֵיילְטֶע װֶעלֶען צוּשְׁמַאלְצֶען װֶערֶען׃

9 אוּנְד זֵיינֶע פֶעסְטוּנְג װֶעט פַאר פַארְכְט אַרִיבֶּערְגֵיין, אוּנְד זֵיינֶע הוֹיפְּטְלֵייטֶע װֶעלֶען זִיךְ דֶערְשְׁרֶעקֶען פַאר דֶעם פָאהֶן, זָאגְט גָאט, װָאס הָאט זֵיין פֵייעֶר אִין צִיוֹן אוּנְד זֵיין אוֹיװֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם׃

## קאפיטעל לב

1 זָעה אַ מֶלֶךְ װֶעט רֶעגִירֶען אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד פִירְשְׁטֶען װֶעלֶען הֶערְשֶׁען מִיט רֶעכְטפַארְטִיגְקֵייט׃

2 אוּנְד אַ מַאן װֶעט זֵיין פַאר אַ בֶּעהַאלְטֶענִיס פַאר דֶעם װִינְד, אוּנְד אַ בֶּעשִׁיצוּנְג פַאר דֶעם שְׁטָארְם, אַזוֹי װִיא טֵייכֶען װַאסֶער אִין אַ טְרִיקֶען אָרְט, װִיא אַ שָׁאטֶען פוּן אַ גְרוֹיסֶען פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין אִין אֵיין מַאטֶען לַאנְד׃

3 אוּנְד דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא װָאס זֶעהֶען װֶעלֶען נִיט פֶערְבְּלֶענְדֶעט װֶערֶען, אוּנְד דִיא אוֹירֶען פוּן דִיא װָאס הֶערֶען װֶעלֶען עֶס פֶערְנֶעמֶען׃

4 אוּנְד דָאס הֶערְץ פוּן דִיא אֵיילֶענְדִיגֶע װֶעט פֶערְשְׁטֵיין צוּ װִיסֶען, אוּנְד דִיא צוּנְג פוּן דִיא שְׁטַאמְלֶער װֶעט זֵיין אֵיילִיג צוּ רֶעדֶען קְלָארְהֵייט׃

5 אַ נַאר װֶעט מֶען נִיט מֶעהְר רוּפֶען אַ גוּטְהַארְצִיגֶער, אוּנְד צוּ אַ בֶּעטְרִיגֶער װֶעט נִיט גֶעזָאגְט װֶערֶען אַז עֶר אִיז װָאוֹילְטֶעטִיג׃

6 װָארִין דֶער נַאר װֶעט רֶעדֶען נַארִישְׁקֵייט, אוּנְד זֵיין הַארְץ װֶעט אוּנְרֶעכְטֶעס טְרַאכְטֶען חֲנוּפָּה צוּ טְהוּן, אוּנְד קֶעגֶען גָאט פֶערְאִירְטֶעס צוּ רֶעדֶען, לֵיידִיג צוּ מַאכֶען דָאס נֶפֶשׁ פוּן דֶעם הוּנְגְרִיגֶען, אוּנְד דָאס גֶעטְרֶענְק פוּן דֶעם דוּרְשְׁטִיגֶען מַאכְט עֶר פֶעהְלֶען׃

7 דִיא כֵּלִים פוּן דֶעם בֶּעטְרִיגֶער זֶענֶען שְׁלֶעכְט, עֶר טְרַאכְט אוֹיס שְׁלֶעכְטֶע מַחֲשָׁבוֹת אוּם צוּ פֶערְדַארְבֶּען דִיא אָרֶעמֶע לֵייט מִיט זֵיינֶע פַאלְשֶׁע רֵייד, זָאגַאר װֶען דֶער נוֹיטְבֶּעדֶערְפְטִיגֶער רֶעט רֶעכְטֶעס׃

8 דֶער גוּטְהַארְצִיגֶער טְהוּט רַאטֶען גוּטֶעס צוּ טְהוּן, אוּנְד עֶר װֶעט הָאבֶּען אַ בֶּעשְׁטַאנְד װֶעגֶען זֵיינֶע גוּטְהַארְצִיגְקֵייט׃

9 שְׁטֵייט אוֹיף, אִיהְר רוּהִיגֶע װֵייבֶּער, הֶערְט מֵיין קוֹל, אִיהְר פֶערְזִיכֶערְטֶע טֶעכְטֶער פֶערְנֶעמְט מֵיינֶע רֵייד׃

10 פִילֶע טֶעג אוּנְד יָאהְרֶען װֶעט אִיהְר צִיטֶערְן אִיהְר פֶערְזִיכֶערְטֶע, װָארִין דִיא אֵיינְזַאמְלוּנְג פוּן דִיא װֵיינְטְרוֹיבֶּען אִיז פֶערְלֶענְט, אוּנְד עֶס אִיז קֵיין אֵיינְקוּמֶען׃

11 דֶערְשְׁרֶעקְט אִיהְר רוּהִיגֶע! צִיטֶערְט אִיהְר פֶערְזִיכֶערְטֶע, מֶען װֶעט אֵייךְ אוֹיסְטְהוּן אוּנְד נַאקֶעט מַאכֶען, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען זִיךְ גַארְטֶעלְן אִיבֶּער דִיא לֶענְדֶען׃

12 מֶען װֶעט זִיךְ קְלַאפֶּען אוֹיף דִיא בְּרוּסְט אוּנְד קְלָאגֶען װֶעגֶען דִיא לוּסְטִיגֶע פֶעלְדֶער, װֶעגֶען דִיא פְרוּכְטְבַּארֶע װֵיינְגֶערְטֶען׃

13 אוֹיף דֶעם לַאנְד פוּן מֵיין פָאלְק װֶעט אוֹיפְגֵיין שְׁטֶעכֶעדִיגֶע דֶערְנֶער, אוֹיךְ אִיבֶּער אַלֶע פְרֵיילִיכֶע הֵייזֶער פוּן דֶער פְרֵיילִיכֶען שְׁטָאט׃

14 וָוארִין דֶער פַּאלַאסְט אִיז פֶערְ־
לַאזֶען, דִיא מַאסֶע מֶענְשֶׁען פוּן דֶער
שְׁטָאט זֶענֶען פֶערְלָאזֶען, דִיא פֶעסְטוּנְג
אוּנְד וַואכטְהוּרְם זֶענֶען גֶעוָוארֶען צוּ
הֵיילֶען אוּיף אֵייבִּיג, צוּ אַ פְרֵייד פַאר
ווִילְדֶע אֵייזֶעלְן, אוּנְד אַ ווֵיידֶע פַאר
סְטַאדֶעס:
15 בִּיז דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וֶועט אִיבֶּער
אוּנְס אוּיסְגֶעגָאסֶען וֶוערֶען פוּן דֶער
הֵייך, אוּנְד דִיא מִדְבָּר וֶועט וֶוערֶען צוּ
אַ פְרוּכְטבַּארֶעס פֶעלְד, אוּנְד דָאס
פְרוּכְט־פֶעלְד וֶועט וֶוערֶען צוּ אַ וַואלְד:
16 אוּנְד אִין דֶער מִדְבָּר וֶועט רוּהֶען
מִשְׁפָּט, אוּנְד אִין דֶעם פְרוּכְטבַּארֶען
פֶעלְד וֶועט ווְאוֹינֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט:
17 אוּנְד דִיא מַעֲשִׂים פוּן גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט וֶועט זֵיין שָׁלוֹם, אוּנְד דִיא
עֲבוֹדָה פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וֶועט זֵיין
רוּהִיגְקֵייט אוּנְד זִיכֶערְהֵייט בִּיז אוּיף
אֵייבִּיג:
18 אוּנְד מֵיין פָאלְק וֶועט ווְאוֹינֶען
אִין פְרִידְלִיכֶע ווְאוֹינוּנְגֶען, אוּנְד אִין
זִיכֶערֶע ווְאוֹינוּנְגֶען, אוּנְד אִין שְׁטִילֶע
אוּנְד רוּהִיגֶע עֶרְטֶער:
19 אוּנְד עֶר וֶועט לָאזֶען אַרוּנְטֶער
הָאגֶעלְן אוּיף דֶעם וַואלְד, אוּנְד דִיא
שְׁטָאט וֶועט אִים גַאנְצֶען אַרוּפְּ־
גֶענִידֶערְט וֶוערֶען:
20 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענְט אִיהְר וָואס אִיהְר
זֵייעֶט בֵּייא אַלֶע וַואסֶערְן, וָואס אִיהְר
שִׁיקְט אַהִין דֶעם פוּס פוּן דֶעם אָקְס
אוּנְד פוּן דֶעם אֵייזֶעל:

קאפיטעל לג

1 אוֵי ווֵייא, דוּא רוֹיבֶּער! אוּנְד דוּא
בִּיזְט נִיט בֶּערוֹיבְּט, אוּנְד דוּא פַאלְשֶׁער,
אוּנְד מֶען הָאט נִיט קֶעגֶען דִיר פַאלְשׁ
גֶעהַאנְדֶעלְט! וֶוען דוּא וֶועסְט אוּיפְ־
הֶערֶען אַ רוֹיבֶּער צוּ זֵיין, אַזוֹי וֶועסְט
דוּא בֶּערוֹיבְּט וֶוערֶען, וֶוען דוּא וֶועסְט
אוּיפְהֶערֶען פַאלְשׁ צוּ זֵיין, אַזוֹי וֶועט
מֶען קֶעגֶען דִיר פַאלְשׁ הַאנְדְלֶען:
2 אָ גָאט לֵייטְזֶעלִיגֶע אוּנְס, מִיר
הָאפֶען צוּ דִיר, זַייא דוּא זֵייעֶר
(שְׁטַארְקֶער) אָרֶעם אַלֶע פְרִיהְמָארְגֶען,
אוֹיךְ אוּנְזֶערֶע הִילְף אִין דֶער צֵייט פוּן
נוֹיט:
3 פוּן וֶועגֶען דֵיין בְּרוּמֶענְדֶען קוֹל
זֶענֶען דִיא פֶעלְקֶער פֶערְוָואגֶעלְט גֶע־
וָוארֶען, דוּרְךְ דֵיינֶע דֶערְהֵייבוּנְג זֶענֶען
דִיא גוֹיִם צוּשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען:
4 אוּנְד אֵייעֶר רוֹיב וֶועט אֵיינְגֶע־
זַאמֶעלְט וֶוערֶען ווִיא דִיא אֵיינְזַאמְלוּנְג
פוּן הֵיישְׁרֶעקֶען, אוּנְד ווִיא דָאס לוֹיפֶען
(פוּן דִיא הֵיישְׁרֶעקֶען) אִין דִיא גְרוּבֶּער
וֶועט מֶען דַארִין לוֹיפֶען:
5 גָאט אִיז דֶערְהֵייכְט, ווֵייל עֶר ווְאוֹינְט
אִין דֶער הֵייךְ אַזוֹי הָאט עֶר צִיוֹן פוּל
גֶעמַאכְט מִיט מִשְׁפָּט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט:
6 אוּנְד דִיא אֱמוּנָה פוּן דֵיינֶע צֵייטֶען
וֶועט זֵיין אַ שִׁיצוּנְג פוּן הִילְף, חָכְמָה
אוּנְד ווִיסֶענְשַׁאפְט, דִיא פוּרְכְט פַאר
גָאט דָאס וֶועט זֵיין זֵיין אוֹצָר:
7 זֶעה, זֵיירֶע שְׁטַארְקֶע הֶעלְדֶען
וֶועלֶען דְרוֹיסֶען שְׁרֵייעֶן, דִיא שְׁלוּחִים
פוּן שָׁלוֹם וֶועלֶען בִּיטֶערְלִיךְ ווֵיינֶען:
8 דִיא הוֹיבֶּע וֶועגֶען זֶענֶען פֶערְווִיסְט
גֶעוָוארֶען, דֶער דוּרְכְוַואנְדֶערֶער הָאט
אוּיפְגֶעהֶערְט, עֶר הָאט דֶעם בּוּנְד
צֶערְשְׁטֶערְט, דִיא שְׁטֶעט הָאט עֶר
פֶערְאַכְטֶעט, אוּנְד קֵיין מֶענְשׁ אִיז בֵּייא
אִיהְם נִיט חָשׁוּב גֶעוֶועזֶען:
9 דָאס לַאנְד אִיז טְרוֹירִיג אוּנְד
פֶערְשְׁמַאכְט, לְבָנוֹן אִיז פֶערְשֶׁעמְט

אוּנְד פֶערְוֶועלְקְט, דֶער שָׁרוֹן אִיז גֶע־
וָוארֶען וִויא אַ פֶערְדַארְטֶע מִדְבָּר,
אוּנְד בָּשָׁן אוּנְד כַּרְמֶל זֶענֶען וִויא
אָפְּגֶעשֵׁיילְט (פוּן פֵּירוֹת):
10 אַצוּנְד וֶועל אִיךְ אוֹיפְשְׁטֵיין, זָאגְט
גָאט, אַצוּנְד וֶועל אִיךְ דֶערְהֵייכְט
וֶוערֶען, אַצוּנְד וֶועל אִיךְ מִיךְ דֶערְ־
הֵייבֶּען:
11 אִיהְר וֶועט טְרָאגֶעדִיג וֶוערֶען מִיט
הֵייא אוּנְד אִיהְר וֶועט גֶעוְואוּנֶען שְׁטְרוֹי,
אֵייעֶר הוֹיךְ וֶועט אֵייךְ פֶערבְּרֶענֶען
וִויא אַ פֵייעֶר:
12 אוּנְד דִיא פֶעלְקֶער וֶועלֶען זַיין
אַזוֹי וִויא בְּרֶענֶעדִיגֶער קַאלְךְ, וִויא
אָפְּגֶעהַאקְטֶע דֶערְנֶער וֶועלֶען זֵייא אָנְ־
גֶעצוּנְדֶען וֶוערֶען אִין דֶעם פֵייעֶר:
13 הֶערְט אִיהְר פוּן וַוייטֶען וָואס אִיךְ
הָאבּ גֶעטְהוּן, אוּנְד אִיהְר נָאהֶנְטֶע
דֶערְקֶענְט מֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט:
14 דִיא זִינְדִיגֶע אִין צִיוֹן פָארְכְטֶען
זִיךְ, אַ צִיטֶערְנִיס הָאט דִיא חֲנֵפִים
אָנְגֶעחַאפְּט—וֶוער פוּן אוּנְס וֶועט קֶענֶען
וְואוֹינֶען בֵּייא דֶעם בְּרֶענֶעדִיגֶען פֵייעֶר?
וֶוער פוּן אוּנְס וֶועט קֶענֶען וְואוֹינֶען
בֵּייא דֶעם אֵייבִּיגֶען בְּרֶענֶען:
15 דֶער וָואס גֵייט אַרוּם מִיט גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד רֶעט רֶעכְטפַארְטִיגְ־
קֵייט, אוּנְד וָואס פֶערמְאוּסְט רוֹיבּ פוּן
אוּנְטֶערְדְרִיקוּנְג, וָואס שָׁאקֶעלְט אָפּ
זַיינֶע הֶענְד נִיט אָנְצוּרִירֶען אַן שׁוֹחַד,
וָואס פֶערְשְׁטָאפְּט זַיינֶע אוֹירֶען אַז עֶר
זָאל נִיט הֶערֶען פוּן בְּלוּט־פֶערְגִיסֶען,
אוּנְד הַאלְט צוּ זַיינֶע אוֹיגֶען אַז עֶר
זָאל קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס נִיט זֶעהֶען:
16 דֶער וֶועט וְואוֹינֶען אִין דֶער הֵייךְ,
זַיינֶע בֶּעשִׁיצוּנְג וֶועט זַיין אִין שְׁטַארְקֶע
פֶעסְטוּנְגֶען, זַיין בְּרוֹיט וֶועט אִיהְם
גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אוּנְד זַיין וַואסֶער
וֶועט זַיין זִיכֶער:
17 דֵיינֶע אוֹיגֶען וֶועלֶען זֶעהֶען דֶעם
מֶלֶךְ אִין זַיינֶע שֵׁיינְהֵייט, זֵייא וֶועלֶען
זֶעהֶען אַיין זֶעהְר וַוייטֶעס לַאנְד:
18 דַיין הַארְץ וֶועט נָאכְדֶענְקֶען פוּן
דֶער פוּרְכְט, (אוּנְד זָאגֶען) אַוְואוּ אִיז
דֶער שְׁרַייבֶּער? אַוְואוּ אִיז דֶער אָפְּ־
וֶועגֶער? אַוְואוּ אִיז דֶער וָואס צֵיילְט
דִיא טְהוּרְמֶער?
19 דָאס עַזוּתְדִיגֶע פָאלְק וֶועסְט דוּא
נִיט מֶעהְר זֶעהֶען, אַ פָאלְק פוּן טִיפֶער
שְׁפְּרַאךְ וָואס דוּא קֶענְסְט נִיט פֶער־
שְׁטֵיין, מִיט אַ פֶערְדְרֵייט לָשׁוֹן וָואס
דוּא קֶענְסְט נִיט פֶערְשְׁטֵיין:
20 זֶעה אַן צִיוֹן, דִיא שְׁטָאט פוּן
אוּנְזֶערֶע פֶערְזַאמְלוּנְג, דֵיינֶע אוֹיגֶען
וֶועלֶען יְרוּשָׁלַיִם אָנְזֶעהֶען, אַ רוּהִיגֶע
וְואוֹינוּנְג, אַ גֶעצֶעלְט וָואס וֶועט נִיט
אַוֶועקְגֶערִיקְט וֶוערֶען, אוּנְד זַיינֶע
פְּלֶעקֶער וֶועלֶען אוֹיף אֵייבִּיג נִיט
אוֹיסְגֶערִיסֶען וֶוערֶען, אוּנְד אַלֶע זַיינֶע
שְׁטְרִיק וֶועלֶען נִיט צוּרִיסֶען וֶוערֶען:
21 נֵייעֶרְט דָארְט וֶועט יְהוָֹה פַאר
אוּנְס שְׁטַארְק זַיין, אֵיין אָרְט פוּן
שְׁטְרָאמֶען אוּנְד טֵייכֶען בְּרֵייט אוֹיף
בֵּיידֶע זַייטֶען, עֶס וֶועט קֵיין רוּדֶערְ־
שִׁיף דוּרְכְגֵיין, אוֹיךְ קֵיינֶע שְׁטַארְקֶע
קְרִיגְס־שִׁיף וֶועלֶען דוּרְכְגֵיין:
22 וָוארִין יְהוָֹה אִיז אוּנְזֶער שׁוֹפֵט,
יְהוָֹה אִיז אוּנְזֶער גֶעזֶעצְגֶעבֶּער, יְהוָֹה
אִיז אוּנְזֶער מֶלֶךְ עֶר וֶועט אוּנְס
הֶעלְפֶען:
23 דֵיינֶע שְׁטְרִיק זֶענֶען שְׁלַאף גֶעוָוארֶען,
זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט דֶעם זֶעגֶעל־
בּוֹים שְׁטַארְקֶען, זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶע־
קֶענְט אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען דִיא זֶעגֶעל־פָאהְן,

דֶענְסְטְמָאל אִיז אוֹיסְגֶעטֵיילְט גֶעוָוארֶען
וֶועהְר פִיל זַאקְ־רוֹיבּ, דִיא לָאמֶע וֶועלֶען
זִיךְ רוֹיבּ רוֹיבֶּען:
24 אוּנְד דֶער אֵיינְוואוֹינֶער וֶועט נִיט
זָאגֶען אִיךְ בִּין קְרַאנְק, דָאס פָאלְק
וָואס וְואוֹינְט דַארִין וֶועט דִיא זִינְד
פֶערְגֶעבֶּען הָאבֶּען:

## קאפיטעל לד

1 גֶענֶעהְנְט אִיהְר פֶעלְקֶער צוּ הֶערֶען,
אוּנְד פֶערְנֶעמְט עֶס אִיהְר פֶעלְקֶער־
שַׁאפְטֶען, לָאז עֶס דִיא עֶרְד הֶערֶען,
אוּנְד אַלֶע אִיהְרֶע פוּלְהֵייט, דִיא וֶועלְט,
אוּנְד אַלֶעס וָואס קוּמְט פוּן אִיהְר
אַרוֹיס:
2 וָוארִין דֶער צָארְן פוּן גָאט אִיז
אִיבֶּער אַלֶע גוֹיִם, אוּנְד זַיין גְרִימְצָארְן
אִיבֶּער אַלֶע זַיירֶע הֶעעֶרְשַׁארֶען, עֶר
הָאט זַייא פֶערְוִויסְט, עֶר הָאט זַייא
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם שֶׁעכְטֶען:
3 אוּנְד זַיירֶע דֶערשְׁלָאגֶענֶע וֶועלֶען
אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען, אוּנְד פוּן זַיירֶע
פְגָרִים וֶועט אַ גֶעשְׁטַאנְק אוֹיפְגֵיין,
אוּנְד דִיא בֶּערְג וֶועלֶען פוּן זַייעֶר
בְּלוּט צוּרִינֶען וֶוערֶען:
4 אוּנְד אַלֶע הֶעעֶרְשַׁארֶען פוּן דֶעם
הִימֶעל וֶועלֶען צוּגֵיין, אוּנְד דִיא הִימֶעלְן
וֶועלֶען צוּזַאמֶענְגֶעוִויקֶעלְט וֶוערֶען וִויא
אַ סֵפֶר (מְגִלָה) אוּנְד זַיירֶע גַאנְצֶע
חַיָלוֹת וֶועלֶען פֶערְוֶועלְקְט וֶוערֶען אַזוֹי
וִויא אַ בְּלַאט פוּן אַ וַויינְשְׁטָאק וֶוערְט
פֶערְוֶועלְקְט, אוּנְד וִויא אַ פֶערְוֶועלְקְטֶע
פֵייג פוּן דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים:
5 וָוארִין מֵיין שְׁוֶוערְט וֶועט זִיךְ
זֶעטִיגֶען אִין דֶעם הִימֶעל, זֶעה, עֶס
וֶועט אַרוּפְקוּמֶען אִיבֶּער אֱדוֹם, אוּנְד
אִיבֶּער מֵיין חֵרֶם־פָאלְק צוּם מִשְׁפָּט:
6 דָאס שְׁוֶוערְט פוּן גָאט אִיז פוּל
מִיט בְּלוּט, עֶס אִיז פֶעט גֶעוָוארֶען פוּן
חֵלֶב, פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן לֶעמֶער אוּנְד
בֶּעק, פוּן דֶעם נִירֶען־פֶעט פוּן וִוידֶער,
וָוארִין עֶס וֶועט זַיין אַ שֶׁעכְטוּנְג צוּ
גָאט אִין בָּצְרָה, אוּנְד אַ גְרוֹיסֶע שֶׁעכְ־
טוּנְג אִין דֶעם לַאנְד פוּן אֱדוֹם:
7 אוּנְד עֶס וֶועלֶען מִיט זַייא אַרוּנְטֶער־
קוּמֶען וִוילְדֶע אָקְסֶען (רְאֵמִים) אוּנְד
רִינְדֶער מִיט שְׁטַארְקֶע אָקְסֶען, אוּנְד
זַייעֶר לַאנְד וֶועט זִיךְ אָנְזֶעטִיגֶען פוּן
דֶעם בְּלוּט, אוּנְד זַייעֶר שְׁטוֹיבּ וֶועט
פֶעט וֶוערֶען פוּן דֶעם חֵלֶב:
8 וָוארִין עֶס וֶועט זַיין אַ טָאג פוּן
נְקָמָה צוּ גָאט, אוּנְד אַ יָאהְר פוּן
פֶערְגֶעלְטוּנְג וֶועגֶען דֶעם קְרִיג פוּן
צִיוֹן:
9 אוּנְד זַיירֶע טַייכֶען וֶועלֶען פֶערְ־
קֶעהְרְט וֶוערֶען צוּ פֶעךְ, אוּנְד זַייעֶר
שְׁטוֹיבּ צוּ שְׁוֶועבֶּעל, אוּנְד זַיירֶע עֶרְד
וֶועט בְּרֶענֶען וִויא פֶעךְ:
10 עֶס וֶועט נִיט פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען
בֵּייא נַאכְט אָדֶער בֵּייא טָאג, אוֹיף
אֵייבִּיג וֶועט אִיהְר רוֹיךְ אוֹיפְגֵיין, עֶס
וֶועט חָרוּבּ זַיין פוּן דוֹר צוּ דוֹר, אוֹיף
אִימֶער אוּנְד אֵייבִּיג וֶועט קֵיינֶער אִין
אִיהְר אִיבֶּערְפָאהְרֶען:
11 נֵייעֶרְט דֶער וַואסֶער־פוֹיגֶעל אוּנְד
דֶער אִיגֶעל, אוּנְד דֶער נַאכְט־פוֹיגֶעל
אוּנְד דִיא רָאבּ וֶועלֶען עֶס יַרְשְׁנְ'ן אוּנְד
דַארִין וְואוֹינֶען, אוּנְד מֶען וֶועט דַא־
רִיבֶּער צִיהֶען דִיא מֶעסְט־שְׁנוּר פוּן
וִויסְטִיגְקֵייט, אוּנְד גֶעוִויכְט־שְׁטֵיינֶער
פוּן לֶעעֶרְקֵייט:
12 זַייא וֶועלֶען אָנְרוּפֶען דִיא עֶדֶעל־
לֵייטֶע—אָבֶּער עֶס וֶועט קֵיינֶער דָארְט
זַיין אִין דֶער מְלוּכָה, אוּנְד אַלֶע אִיהְרֶע
פִירְשְׁטֶען וֶועלֶען זַיין וִויא גָארְנִישְׁט:

אונד

13 אוּנְד דֶערְנֶער וֶועלֶען אוֹיפְגֵיין אִין
זֵייעֶרֶע פַּאלַאסְטֶען, נֶעסֶעלְן אוּנְד שְׁטַא־
כֶעדִיגֶע דֶערְנֶער אִין זֵייעֶרֶע פֶעסְטוּנְגֶען,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין פַאר אַ וְואוֹינוּנְג
פוּן דְרַאכֶען־שְׁלַאנְגֶען, אוּנְד אַ הוֹיף
פַאר יוּנְגֶע שְׁטְרוֹיסֶען:
14 דִיא ווִילְדֶע חַיוֹת (פוּן דֶער מִדְבָּר)
וֶועלֶען אָנְטְרֶעפֶען דִיא ווִילְדֶע חַיוֹת
פוּן דֶער אִינְזֶעל, אוּנְד אֵיין שֵׁד וֶועט
דֶעם אַנְדֶערְן רוּפֶען, יָא, דָארְט וֶועט
אוֹיךְ רוּהֶען דִיא (לִילִית) נַאכְט־שֵׁדִית,
אוּנְד זִיא וֶועט זִיךְ אַ מְנוּחָה גֶעפִינֶען:
15 דָארְט וֶועט זִיךְ דִיא פֵייל־שְׁלַאנְג
אַ נֶעסְט מַאכֶען, אוּנְד אֵייעֶר לֵייגֶען,
אוּנְד זִיא וֶועט זֵייא אוֹיסְשְׁפַּאלְטֶען,
אוּנְד אֵיינְזַאמֶעלְן אִיהְרֶע יוּנְגֶע אוּנְטֶער
אִיהְר שָׁאטֶען, דָארְט וֶועלֶען זִיךְ אוֹיךְ
דִיא רוֹיבּ־פֵייגֶעל פֶערְזַאמֶעלְן אֵיינֶע צוּ
דִיא אַנְדֶערֶע:
16 פָארְשְׁט נָאךְ אִין דֶעם סֵפֶר פוּן
גָאט, אוּנְד לֵייעֶנְט עֶס! אֵיינֶע פוּן זֵייא
וֶועט נִיט פֶעהְלֶען, קֵיינֶע לָאזְט פֶעה־
לֶען אִיהְר חַבֶרְתָּה, ווָארִין עֶס אִיז
בֶּעפוֹילֶען גֶעווָארֶען פוּן זֵיין מוֹיל, אוּנְד
זֵיין רוּחַ הָאט עֶס אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט:
17 אוּנְד עֶר הָאט פַאר זֵייא גוֹרָל
גֶעווָארְפֶען, אוּנְד זֵיינֶע הַאנְד הָאט עֶס
צוּ זֵייא אוֹיסְגֶעטֵיילְט דוּרְךְ אַ מֶעסְט־
שְׁנוּר, זֵייא וֶועלֶען עֶס אוֹיף אֵייבִּיג
יַרְשְׁנְ'ן, זֵייא וֶועלֶען דַארִין ווְאוֹינֶען פוּן
דוֹר צוּ דוֹר:

## קאפּיטעל לה

1 דִיא מִדְבָּר אוּנְד דָאס טְרָאקֶענֶע
לַאנְד וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן, אוּנְד דֶער
פְּלוֹין וֶועט פְרֵיילִיךְ זֵיין אוּנְד בְּלִיהֶען
ווִיא אַ רוֹיז:
2 עֶס וֶועט זֶעהְר בְּלִיהֶען אוּנְד זִיךְ
פְרֵייעֶן, יָא, עֶס וֶועט פְרֵיילִיךְ זֵיין מִיט
גֶעזַאנְג, דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם לְבָנוֹן
וֶועט צוּ אִיהְר גֶעגֶעבֶען וֶוערֶען, דִיא
שֵׁיינְהַייט פוּן כַּרְמֶל אוּנְד שָׁרוֹן, זֵייא
וֶועלֶען זֶעהֶען דֶעם כָּבוֹד פוּן יְהֹוָה,
דִיא שֵׁיינְהַייט פוּן אוּנְזֶער גָאט:
3 שְׁטַארְקְט דִיא שְׁלַאפֶע הֶענְד, אוּנְד
מַאכְט שְׁטַארְק (פֶעסְט) דִיא שְׁטְרוֹי־
כֶעלְדִיגֶע קְנִיעֶן:
4 זָאגְט צוּ דִיא וָואס הָאבֶען פָּארְכְטִיגֶע
(אֵיילִיגֶע) הֶערְצֶער, זַייט שְׁטַארְק, הָאט
נִיט קֵיין מוֹרָא, זֶעהְט, אֵייעֶר גָאט
וֶועט קוּמֶען מִיט אַ נְקָמָה, עֶר וֶועט
קוּמֶען מִיט אַ בֶּעצָאלוּנְג אוּנְד עֶר וֶועט
אֵייךְ הֶעלְפֶען:
5 דֶענְסְטְמָאל וֶועלֶען דִיא אוֹיגֶען פוּן
דִיא בְּלִינְדֶע אוֹיפְגֶעמַאכְט וֶוערֶען, אוּנְד
דִיא אוֹירֶען פוּן דִיא טוֹיבֶּע וֶועלֶען זִיךְ
אוֹיפְמַאכֶען:
6 דֶענְסְטְמָאל וֶועלֶען דִיא לָאמֶע
שְׁפְּרִינְגֶען ווִיא אַ הִירְשׁ, אוּנְד דִיא צוּנְג
פוּן דֶעם שְׁטוּמֶען וֶועט זִינְגֶען, ווָארִין אִין
דֶער מִדְבָּר וֶועלֶען וַואסֶערְן אוֹיסְבְּרֶעכֶען,
אוּנְד טֵייכֶען אִין דֶער ווִיסְטֶענֵייא:
7 אוּנְד דָאס דַארֶע לַאנְד וֶועט זֵיין
צוּ אַ פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן וַואסֶער, אוּנְד
דֶער דָארְשְׁטִיגֶער אָרְט צוּ וַואסֶער־
קְוֶועלֶען, אִין דֶער וְואוֹינוּנְג פוּן דְרַאכֶען־
שְׁלַאנְגֶען, אַווְאוּ זֵייא הָאבֶען זִיךְ
גֶעלַאגֶערְט וֶועט זֵיין גְרָאז מִיט רָאהְרֶען:
8 אוּנְד עֶס וֶועט דָארְט זֵיין אַ הוֹיכְ־
גֶעטְרֶעטֶענֶער וֶועג, אוּנְד עֶס וֶועט אָנְ־
גֶערוּפֶען וֶוערֶען דֶער הֵיילִיגֶער וֶועג,
קֵיין טָמֵא וֶועט דָארְט אִיבֶּערְפָּאהְרֶען,
גֵייעֶרְט עֶר אִיז נוּר פַאר זָאלְכֶע, וָואס
גֵייעֶן אוֹיף דֶעם וֶועג, אֲפִילוּ דִיא
נַארֶען—וֶועלֶען זִיךְ אוֹיךְ נִיט פֶערְאִירֶען:

9 דָארְט וֶועט נִיט זַיין קֵיין לֵייבּ,
אוּנְד קֵיינֶע שְׁטַארְקֶע ווִילְדֶע חַיוֹת
וֶועלֶען נִיט דַארוֹיף גֵיין, זַייא וֶועלֶען
נִיט דָארְט גֶעפוּנֶען וֶוערֶען, נֵייעֶרְט דִיא
אוֹיסְגֶעלֵייזְטֶע וֶועלֶען דָארְט גֵיין:
10 אוּנְד דִיא אוֹיסְגֶעלֵייזְטֶע פוּן גָאט
וֶועלֶען צוּרִיקְקֶעהְרֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען
קוּמֶען נָאךְ צִיוֹן מִיט גֶעזַאנְג, אוּנְד
אֵייבִּיגֶע פְרֵייד וֶועט זַיין אוֹיף זֵייעֶרֶע
קֶעפּ, פְרֵיילִיכְקֵייט אוּנְד שִׂמְחָה וֶועט
זַייא דֶערְגְרֵייכֶען, אוּנְד טְרוֹירִיגְקֵייט
אוּנְד זִיפְצֶען וֶועלֶען עֶנְטְלוֹיפֶען:

קאַפּיטעל לו

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
פִירְצֶעהְנְטֶען יָאהְר פוּן דֶעם מֶלֶךְ
חִזְקִיָהוּ, אַזוֹי אִיז סַנְחֵרִיב, דֶער מֶלֶךְ
פוּן אַשּׁוּר אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען אַלֶע
פֶעסְטֶע שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶר
הָאט זַייא אֵיינְגֶענוּמֶען:
2 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר הָאט
גֶעשִׁיקְט דֶעם רַבְשָׁקֵה אוֹיס לָכִישׁ נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם צוּ דֶעם מֶלֶךְ חִזְקִיָהוּ מִיט אַ
גְרוֹיס חַיִל, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַהִינְ־
גֶעשְׁטֶעלְט בַּייא דֶעם גְרָאבֶּען פוּן דֶעם
אוֹיבֶּערְשְׁטֶען טֵייךְ, וָואס אִיז אוֹיף
דֶעם גֶעטְרֶעטֶענֶעם וֶועג פוּן דֶעם
וַואשֶׁער־פֶעלְד:
3 אוּנְד אֶלְיָקִים זוּהְן פוּן חִלְקִיָהוּ,
וָואס אִיז אִיבֶּער דֶעם הויז, אוּנְד שֶׁבְנָה
דֶער שְׁרֵייבֶּער, אוּנְד יוֹאָח דֶער זוּהְן
פוּן אָסָף, דֶער קַאנְצְלֶער, זֶענֶען צוּ
אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען:
4 אוּנְד רַבְשָׁקֵה הָאט צוּ זַייא גֶעְ־
זָאגְט,—זָאגְט דָאךְ צוּ חִזְקִיָהוּ, אַזוֹי
זָאגְט דֶער גְרוֹיסֶער מֶלֶךְ, דֶער מֶלֶךְ
פוּן אַשּׁוּר, וָואס אִיז דִיא דָאזִיגֶע פֶערְ־
זִיכֶערוּנְג וָואס דוּא הָאסְט דִיךְ (דֶערְ־
מִיט) פֶערְזִיכֶערְט?
5 אִיךְ זָאג—זָאגְסְט דוּא (אָבֶּער עֶס
אִיז נָאר אַ וָוארְט מִיט דִיא לִיפֶּען)
אִיךְ הָאבּ עֵצָה אוּנְד שְׁטַארְקֵייט מִלְחָמָה
צוּ הַאלְטֶען,—אָבֶּער אַצוּנְד אוֹיף וֶועמֶען
הָאסְט דוּא דִיךְ פֶערְזִיכֶערְט, דָאס דוּא
הָאסְט קֶעגֶען מִיר מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען?
6 זֶעה, דוּא הָאסְט דִיךְ פֶערְזִיכֶערְט
אוֹיף דִיא שְׁטִיצֶע פוּן דֶעם דָאזִיגֶען
צוּבְּרָאכֶענֶעם שְׁטֶעקֶען, אוֹיף מִצְרַיִם,
דָאס וֶוען אֵיין מֶענְשׁ זָאל זִיךְ אוֹיף
אִיהְם אָנְשְׁפַּארֶען, אַזוֹי וֶועט עֶר
קוּמֶען אִין זַיינֶע הַאנְד אוּנְד עֶס וֶועט
אִיהְם דוּרְכְשְׁטֶעכֶען, אַזוֹי אִיז פַּרְעֹה דֶער
קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם צוּ אַלֶע דִיא וָואס
פֶערְזִיכֶערֶען זִיךְ אוֹיף אִיהְם:
7 אוּנְד אוֹיבּ דוּא וֶועסְט צוּ מִיר
זָאגֶען, מִיר פֶערְלָאזֶען זִיךְ אוֹיף דֶעם
הַאר, אוּנְזֶער גָאט, אִיז עֶס נִיט דֶער
וָואס חִזְקִיָהוּ הָאט אָפְּגֶעטְהוּן זַיינֶע
בָּמוֹת אוּנְד זַיינֶע מִזְבְּחוֹת, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוּדָה אוּנְד צוּ
יְרוּשָׁלַיִם פַאר דֶעם דָאזִיגֶען מִזְבֵּחַ
וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם זָאלְט אִיהְר אֵייךְ
בִּיקֶען?
8 אוּנְד אַצוּנְד גֶעט דָאךְ אֵיין עָרֶב צוּ
מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר, אוּנְד
אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען צְוֵוייא טוֹיזֶענְד
פֶערְד, אוֹיבּ דוּא וֶועסְט קֶענֶען גֶעבֶּען
רֵייטֶער אוֹיף זַייא:
9 אוּנְד וִויא אַזוֹי וֶועסְט דוּא אוּמְ־
קֶעהְרֶען דָאס אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶעם הוֹיפְּט־
מַאן, (אָדֶער) אֵיינֶעם פוּן דִיא קְלֶענְסְטֶע
קְנֶעכְט פוּן מֵיין הַאר? אוּנְד דוּא
הָאסְט דִיךְ פֶערְזִיכֶערְט אוֹיף מִצְרַיִם,
אוֹיף רֵייטְוֶועגֶען אוּנְד רֵייטֶער?
10 אַצוּנְד, בִּין אִיךְ דֶען אָהְן דֶעם הַאר

אַרויפְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען דֶעם דָאזִיגֶען
אָרְט עֶס צוּ פֶערְדַארְבֶּען? דֶער הַאר
הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, גֵייא אַרויף,
קֶעגֶען דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, אוּנְד פֶערְ־
דַארְבּ עֶס:
11 אוּנְד אֶלְיָקִים דֶער זוּהְן פוּן חִלְקִיָהוּ
הָאט גֶעזָאגְט, אוּנְד אויךְ שֶׁבְנָה אוּנְד
יוֹאָח, צוּ רַבְשָׁקֵה, רֶעד דָאךְ צוּ דֵיינֶע
קְנֶעכְט אַרַמִית, וָוארִין מִיר פַארְשְׁטֵייעֶן,
אָבֶּער דוּא זָאלְסְט מִיט אוּנְס נִיט רֶעדֶען
יוּדִישׁ אִין דִיא אויעֶרֶן פוּן דֶעם פָאלְק
וָואס זֶענֶען אויף דִיא מויעֶר:
12 אוּנְד רַבְשָׁקֵה הָאט צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט, צוּ וֶועגֶען דֵיין הַאר אוּנְד צוּ
וֶועגֶען דִיר, הָאט מִיךְ מֵיין הַאר גֶע־
שִׁיקְט צוּ רֶעדֶען דִיא דָאזִיגֶע רֵייד?
אִיז עֶס נִיט אויךְ צוּ דִיא מֶענְשֶׁען וָואס
זִיצֶען אויף דִיא מויעֶר, דָאס זֵייא וֶועלֶען
עֶסֶען זֵייעֶר צוֹאָה, אוּנְד טְרִינְקֶען זֵייעֶר
הַשְׁתָּנָה מִיט אֵייךְ:
13 אוּנְד רַבְשָׁקֵה הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט,
אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען מִיט אֵיין
הויכֶען קוֹל אויף יוּדִישׁ, אוּנְד עֶר
הָאט גֶערֶעט, אוּנְד גֶעזָאגְט, הֶערְט
דָאס וָוארְט פוּן דֶעם גְרויסֶען קֶענִיג,
דֶעם קֶענִיג פוּן אַשׁוּר:
14 אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט,
לָאז אֵייךְ חִזְקִיָהוּ נִיט גֶענַארֶען, וָוארִין
עֶר וֶועט אֵייךְ נִיט קֶענֶען מַצִיל זַיין:
15 אוּנְד לָאז אֵייךְ חִזְקִיָהוּ נִיט פֶערְ־
זִיכֶערֶען אויף דֶעם הַאר, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, דֶער הַאר וֶועט אוּנְס מַצִיל
זַיין, אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט וֶועט
נִיט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין דִיא הַאנְד
פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן אַשׁוּר:
16 אִיהְר זָאלְט נִיט הֶערְכֶען צוּ
חִזְקִיָהוּ, וָוארִין אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער
קֶענִיג פוּן אַשׁוּר, מַאכְט מִיט מִיר
שָׁלוֹם, אוּנְד גֵייט אַרויס צוּ מִיר, אַזוֹי
וֶועט אִיהְר אִיטְלִיכֶער עֶסֶען פוּן זַיין
ווַיינְשְׁטָאק אוּנְד פוּן זַיין פֵייגֶענְבּוֹים,
אוּנְד טְרִינְקְט אִיטְלִיכֶער דָאס וַואסֶער
פוּן זַיין בְּרוּנֶען:
17 בִּיז אִיךְ וֶועל קוּמֶען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אֵייךְ נֶעמֶען אִין אֵיין לַאנְד אַזוֹי
ווִיא אֵייעֶר לַאנְד, אֵיין לַאנְד פוּן קָארְן
אוּנְד ווַיין, אֵיין לַאנְד פוּן בְּרוֹיט אוּנְד
ווַיינְגֶערְטֶנֶער:
18 טָאמֶער וֶועט אֵייךְ חִזְקִיָהוּ אִיבֶּערְ־
רֶעדֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גָאט וֶועט אוּנְס
מַצִיל זַיין; הָאבֶּען דֶען דִיא גֶעטֶער פוּן
דִיא פֶעלְקֶער מַצִיל גֶעוֶועזֶען, אִיטְלִיכֶען
זַיין לַאנְד פוּן דִיא הַאנְד פוּן דֶעם
קֶענִיג פוּן אַשׁוּר?
19 וְואוּ זֶענֶען דִיא גֶעטֶער פוּן חֲמָת
אוּנְד אַרְפָּד? וְואוּ זֶענֶען דִיא גֶעטֶער
פוּן סְפַרְוָיִם, הֵנַע אוּנְד עִוָה? הָאבֶּען
זֵייא דֶען מַצִיל גֶעוֶועזֶען שֹׁמְרוֹן פוּן
מֵיינֶע הַאנְד?
20 וֶוער אִיז אוּנְטֶער אַלֶע גֶעטֶער
פוּן דִיא לֶענְדֶער, וָואס זֵייא הָאבֶּען
מַצִיל גֶעוֶועזֶען זֵייעֶר לַאנְד פוּן מֵיינֶע
הַאנְד? דָאס דֶער הַאר זָאל מַצִיל זַיין
יְרוּשָׁלַיִם פוּן מֵיינֶע הַאנְד?
21 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעשְׁווִיגֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם קֵיין וָוארְט
נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט, וָוארִין דָאס הָאט
דֶער קֶענִיג גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
אִיהְר זָאלְט אִיהְם נִיט עֶנְטְפֶערֶען:
22 אוּנְד אֶלְיָקִים דֶער זוּהְן פוּן חִלְקִיָהוּ
וָואס אִיז אִיבֶּער דֶעם הויז, אוּנְד
שֶׁבְנָה דֶער שְׁרֵייבֶּער, אוּנְד יוֹאָח דֶער
זוּהְן פוּן אָסָף דֶער קַאנְצְלֶער, זֶענֶען
גֶעקוּמֶען צוּ חִזְקִיָהוּ, מִיט צוּרִיסֶענֶע

קְלֵיידֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזָאגְט דִיא וֶוערְטֶער פוּן רַבְשָׁקֵה׃

קאפּיטעל לז

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען חִזְקִיָהוּ הַמֶלֶךְ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר צוּרִיסֶען זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ בֶּעדֶעקְט מִיט אֵיין זַאק, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם הויז פוּן גָאט׃

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט אֶלְיָקִים וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דֶעם הויז, אוּנְד שֶׁבְנָה דֶעם שְׁרֵייבֶּער אוּנְד דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים, בֶּעדֶעקְט מִיט זֶעק, צוּ דֶעם נָבִיא יְשַׁעְיָהוּ דֶעם זוּהְן פוּן אָמוֹץ׃

3 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט חִזְקִיָהוּ, עֶס אִיז אֵיין טָאג פוּן נוֹיטְה, אוּנְד לֶעסְטֶערוּנְג אוּנְד דֶערְצָארְנוּנְג אִיז דֶער דָאזִיגֶער טָאג, וָוארִין דִיא קִינְדֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֶעם גֶעבּוּירְשְׁטוּל, אוּנְד קֵיין קְרַאפְט אִיז נִיט דָא צוּ גֶעוִוינֶען׃

4 טָאמֶער וֶועט דֶער הַאר דֵיין גָאט הֶערֶען אַלֶע דִיא רֵייד פוּן רַבְשָׁקֵה וָואס דֶער קֶענִיג פוּן אַשׁוּר זֵיין הַאר הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט, צוּ לֶעסְטֶערֶען דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֶעסְטֶערְט מִיט וֶוערְטֶער, וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט גֶעהֶערְט, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אוֹיפְהֵייבֶּען אֵיין גֶעבֶּעט וֶועגֶען דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע, וָואס עֶס וֶועט נָאךְ גֶעפוּנֶען וֶוערֶען׃

5 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם קֶענִיג חִזְקִיָהוּ זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ יְשַׁעְיָהוּ׃

6 אוּנְד יְשַׁעְיָהוּ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר זָאגֶען צוּ אֵייעֶר הַאר, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט פָארְכְטֶען פַאר דִיא וֶוערְטֶער וָואס דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט, וָואס דִיא יוּנְגֶען פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן אַשׁוּר הָאבֶּען מִיךְ גֶעלֶעסְטֶערְט׃

7 זֶעה, אִיךְ וֶועל אִיהְם גֶעבֶּען אֵיין גֵייסְט אוּנְד עֶר וֶועט אֵיינֶע בְּשׂוֹרָה הֶערֶען, אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ זֵיין לַאנְד, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם לָאזֶען פַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד אִין זֵיין לַאנְד׃

8 אוּנְד וֶוען רַבְשָׁקֵה הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעפוּנֶען דֶעם קֶענִיג פוּן אַשׁוּר מִלְחָמָה הַאלְטֶען קֶעגֶען לִבְנָה, וָוארִין עֶר הָאט גֶעהֶערְט דָאס עֶר הָאט זִיךְ אָפְּגֶעצוֹיגֶען פוּן לָכִישׁ׃

9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֶערְט אוֹיף תִּרְהָקָה דֶעם קֶענִיג פוּן כּוּשׁ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, (זֶעה,) עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט דִיר; אוּנְד וֶוען עֶר הָאט עֶס גֶעהֶערְט אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ חִזְקִיָהוּ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

10 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר זָאגֶען צוּ חִזְקִיָהוּ דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, לָאז דִיךְ דֵיין גָאט נִיט אִיבֶּערְרֶעדֶען, וָואס דוּא פֶערְזִיכֶערְסְט דִיךְ אוֹיף אִיהְם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, יְרוּשָׁלַיִם וֶועט נִיט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר׃

11 זֶעה, דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט וָואס דִיא קֶענִיגֶע פוּן אַשּׁוּר הָאבֶּען גֶעטְהוּן צוּ אַלֶע לֶענְדֶער זֵייא צוּ פֶערְוִויסְטֶען, אוּנְד זָאלְסְט דוּא גִיצוֹל וֶוערֶען?

12 הָאבֶּען זֵייא דֶען דִיא גֶעטֶער פוּן דִיא פֶעלְקֶער מַצִיל גֶעוֶועזֶען, וָואס מֵיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען זֵייא פֶערְדָארְבֶּען? גוֹזָן אוּנְד חָרָן, אוּנְד רֶצֶף, אוּנְד בְּנֵי־עֶדֶן, וָואס אִיז אִין תְּלַאשָּׂר?

13 וְואוּ אִיז דֶער קֶענִיג פוּן חֲמָת?

אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַרְפָּד? אוּנְד דֶער
קֶענִיג פוּן דִיא שְׁטֶעט סְפַרְוָיִם, הֵנַע
אוּנְד עִוָה?
14 אוּנְד חִזְקִיָהוּ הָאט גֶענוּמֶען דִיא
בְּרִיף פוּן דִיא הַאנְד פוּן דִיא שְׁלוּחִים
אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעלֶעזֶען, אוּנְד עֶר
אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן
דֶעם הַאר, אוּנְד חִזְקִיָהוּ הָאט זַייא (דִיא
בְּרִיף) פֶערשְׁפְּרֵייט פַאר דֶעם הַאר:
15 אוּנְד חִזְקִיָהוּ הָאט גֶעבֶּעטֶען פַאר
דֶעם אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט:
16 אָ, יְהֹוָה צְבָאוֹת גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל,
וָואס זִיצְט אִיבֶּער דִיא כְּרוּבִים, דוּא
אַלֵיין בִּיסְט גָאט אוּנְטֶער אַלֶע קֶענִיג-
רַייכֶען פוּן דֶער עֶרְד, דוּא הָאסְט
גֶעמַאכְט דֶעם הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד:
17 נֵייג דֵיין אוֹיעֶר, אָ הַאר, אוּנְד הֶער
צוּ, עֶפֶען דֵיינֶע אוֹיגֶען אָ הַאר אוּנְד
זֶעה, אוּנְד הֶער דִיא וֶוערְטֶער פוּן
סַנְחֵרִיב, וָואס עֶר הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט
צוּ לֶעסְטֶערֶען דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט!
18 עֶס אִיז וָואהְר, הַאר, דָאס דִיא
קֶענִיגֶע פוּן אַשּׁוּר הָאבֶּען וִויסְט גֶע-
מַאכְט דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵייעֶר
לַאנְד:
19 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען זֵייעֶרֶע
גֶעטֶער אִין דֶעם פַייעֶר, וָוארִין זַייא
זֶענֶען קֵיינֶע גֶעטֶער נִיט גֶעוֶועזֶען,
נֵייעֶרְט דִיא וֶוערְק פוּן מֶענְשֶׁען-הֶענְד,
הָאלְצֶערְנֶע אוּנְד שְׁטֵיינֶערְנֶע, דַארוּם
הָאבֶּען זַייא זַייא פֶערְטִילִיגְט:
20 אוּנְד אַצוּנְד, אָ הַאר אוּנְזֶער גָאט,
הֶעלְף אוּנְס דָאךְ פוּן זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד
לָאזֶען אַלֶע קֶענִיגְרַייכֶע פוּן דֶער עֶרְד
וִויסֶען, דָאס דוּא אַלֵיין אָ הַאר, בִּיזְט
אֵיין גָאט:
21 אוּנְד יְשַׁעְיָהוּ דֶער זוּהְן פוּן אָמוֹץ
הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ חִזְקִיָהוּ, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר,
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, דָאס וָואס דוּא
הָאסְט גֶעבֶּעטֶען צוּ מִיר וֶועגֶען סַנְחֵרִיב
דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר (הָאבּ אִיךְ
גֶעהֶערְט):
22 דָאס אִיז דָאס וָוארְט, וָואס דֶער
הַאר הָאט גֶערֶעט וֶועגֶען אִיהְם, זִיא
פֶערְשֶׁעמְט דִיךְ, זִיא שְׁפֶּעט פוּן דִיר,
דִיא יוּנְגפְרוֹי דִיא טָאכְטֶער פוּן צִיוֹן,
זִיא שָׁאקֶעלְט הִינְטֶער דִיר מִיט דֶעם
קָאפּ, דִיא טָאכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם:
23 וֶועמֶען הָאסְט דוּא גֶעלֶעסְטֶערְט,
אוּנְד אוֹיף וֶועמֶען הָאסְט דוּא אוֹיפְ-
גֶעהוֹיבֶּען אַיין קוֹל? אוּנְד דוּא הָאסְט
דֵיינֶע אוֹיגֶען דֶערְהוֹיבֶּען אִין דֶער
הֵייךְ, קֶעגֶען דֶעם הֵיילִיגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל?
24 דוּרְךְ דֵיינֶע קְנֶעכְט הָאסְט דוּא
גֶעלֶעסְטֶערְט דֶעם הַאר, אוּנְד דוּא
הָאסְט גֶעזָאגְט, מִיט מֵיינֶע פִילֶע
רֵייטְוֶועגֶען, בִּין אִיךְ אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
אוֹיף דִיא הֵייךְ פוּן דִיא בֶּערְג, אוֹיף
דִיא זֵייטֶען פוּן לְבָנוֹן, אוּנְד אִיךְ וֶועל
אָפְּשְׁנֵיידֶען זֵיינֶע הוֹיכֶע צֶעדֶערְבֵּיימֶער,
זֵיינֶע בֶּעסְטֶע טֶענֶענְבֵּיימֶער, אוּנְד אִיךְ
וֶועל קוּמֶען אַן זֵיין עֶק פוּן זֵיין וַואלְד
כַּרְמֶל:
25 אִיךְ הָאבּ גֶעגְרָאבֶּען אוּנְד אוֹיסְ-
גֶעטְרוּנְקֶען דָאס פְרֶעמְדֶע וַואסֶער,
אוּנְד אִיךְ וֶועל טְרִיקֶען מַאכֶען מִיט
מֵיינֶע פוּס-טְרִיט, אַלֶע טֵייכֶען פוּן דֶער
פֶעסְטוּנְג:
26 הָאסְט דוּא עֶס דֶען נִיט גֶעהֶערְט פוּן
לַאנְג אָן, דָאס אִיךְ הָאבּ דָאס גֶעטְהוּן,
פוּן פָארְצֵייטִיגֶע יָאהְרֶען, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ זַייא בֶּעשַׁאפֶען? אַצוּנְד הָאבּ אִיךְ

עֶס גֶעבְּרַאכְט, אוּם צוּ פֶערְוִויסְטֶען
דִיא פֶעסְטֶע שְׁטֶעט אַז זֵייא זָאלֶען זֵיין
גְלֵייךְ וִויא הוֹיפֶען עֶרְד׃
27 אוּנְד זֵייעֶרֶע אֵיינְווֹאוֹינֶער זֶענֶען
אָהְן קְרַאפְט, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער־
גֶעשְׁרָאקֶען אוּנְד זֶענֶען פֶערְשֶׁעמְט גֶע־
וָוארֶען, זֵייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא
גְרָאז פוּן דֶעם פֶעלְד, וִויא גְרִין גְרָאז,
וִויא גְרָאז וָואס וַואכְסְט אוֹיף דִיא
דֶעכֶער, אוּנְד וִויא פֶערְדַארְטֶע זַאנְגֶען,
אֵיידֶער עֶס וֶוערְט צֵייטִיג׃
28 אוּנְד דֵיין זִיצֶען, אוּנְד דֵיין
אַרוֹיסְגֵיין אוּנְד דֵיין אַרֵיינְקוּמֶען, ווֵייס
אִיךְ, אוּנְד אוֹיךְ דֵיין צָארְנֶען קֶעגֶען
מִיר׃
29 ווַייל דֵיין צָארְנֶען קֶעגֶען מִיר,
אוּנְד דֵיין שְׁטָאלְץ אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
אִין מֵיינֶע אוֹירֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ טְהוּן
מֵיין רִינְג אַן דֵיינֶע נָאז, אוּנְד מֵיין
צוֹים אַן דֵיינֶע לִיפֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
דִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען אִין דֶעם וֶועג וָואס
דוּא בִּיסְט אוֹיף אִיהְם גֶעקוּמֶען׃
30 אוּנְד דָאס זָאל צוּ דִיר זֵיין דֶער
צֵייכֶען, דֶעם דָאזִיגֶען יָאהְר וֶועט אִיהְר
עֶסֶען ווִידֶערְוַואכְסוּנְג, אוּנְד אִין דֶעם
צְווֵייטֶען יָאהְר—ווִילְדֶע וַואכְסוּנְג, אוּנְד
אִין דֶעם דְרִיטֶען יָאהְר וֶועט אִיהְר
זֵייעֶן אוּנְד שְׁנֵיידֶען, אוּנְד פְּלַאנְצֶען
ווַיינְגֶערְטֶער, אוּנְד אוֹיךְ עֶסֶען זֵייעֶרֶע
פֵּירוֹת׃
31 אוּנְד דִיא עֶנְטְרוּנֶענֶע פוּן דֶעם
הוֹיז פוּן יְהוּדָה, דִיא וָואס זֶענֶען
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, וֶועלֶען פֶערְמֶעהְרֶען
הִינְטֶער זִיךְ וָוארְצְלֶען, אוּנְד וֶועלֶען
אִיבֶּער זִיךְ פְּרוּכְט טְרָאגֶען׃
32 וָוארִין פוּן יְרוּשָׁלַיִם וֶועט זִיא
אַרוֹיסְגֵיין אַיין אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג,
אוּנְד אַיין עֶנְטְרִינוּנְג פוּן דֶעם בַּארְג
צִיּוֹן, דִיא קִנְאָה פוּן דֶעם הַאר צְבָאוֹת
וֶועט עֶס טְהוּן׃
33 דַארוּם הָאט דֶער הַאר אַזוֹי גֶע־
זָאגְט אוֹיף דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר, עֶר
וֶועט נִיט קוּמֶען אִין דִיא דָאזִיגֶע
שְׁטָאט אַרֵיין, אוּנְד עֶר וֶועט דָארְטֶען
נִיט שִׁיסֶען קֵיין פֵייל, אוּנְד עֶר וֶועט
נִיט קוּמֶען קֶעגֶען אִיהְר מִיט אַיין
שִׁילְד, אוּנְד עֶר וֶועט נִיט אוֹיפְשִׁיטֶען
אוֹיף אִיהְר אַיין שַׁאנְץ (בַּארְג עֶרְד)׃
34 אִין דֶעם וֶועג וָואס עֶר אִיז גֶע־
קוּמֶען, אוֹיף אִיהְם וֶועט עֶר זִיךְ
צוּרִיקְקֶעהְרֶען, אוּנְד צוּ דֶער דָאזִיגֶער
שְׁטָאט וֶועט עֶר נִיט קוּמֶען, זָאגְט
דֶער הַאר׃
35 אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעשִׁיצֶען דִיא
דָאזִיגֶע שְׁטָאט, אִיהְר צוּ הֶעלְפֶען, פוּן
מֵיינֶעטְוֶועגֶען, אוּנְד פוּן וֶועגֶען מֵיין
קְנֶעכְט דָוִד׃
36 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין יֶענֶע
נַאכְט, אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַ מַלְאָךְ
פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען
אִים לַאגֶער פוּן אַשּׁוּר, הוּנְדֶערְט פִינְף
אוּנְד אַכְצִיג טוֹיזֶענְד (מַאן). אוּנְד אַלְס
זֵייא (יְהוּדָה) זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין
דֶער פְרִיה, אוּנְד זֶעה, אַלֶע וַוארֶען
טוֹיטֶע פְּגָרִים׃
37 אוּנְד עֶר הָאט גֶעצוֹיגֶען אוּנְד אִיז
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד סַנְחֵרִיב דֶער
קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶערְט,
אוּנְד הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין נִינְוֵה׃
38 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס עֶר
הָאט זִיךְ גֶעבּוּקְט אִין דֶעם הוֹיז פוּן
נִסְרוֹךְ זֵיין גָאט, הָאבֶּען אַדְרַמֶּלֶךְ
אוּנְד שַׂרְאֶצֶר זֵיינֶע זִיהְן אִיהְם גֶע־
שְׁלָאגֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְט, אוּנְד זֵייא

זָענֶען אֶנְטְרוּנֶען גֶעוָוארֶען נָאךְ דֶעם לַאנְד אַרְבָּט, אוּנְד זֵיין זוּהְן אַסַר־חַדּוֹן הָאט רֶעגִירְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם׃

קאפיטעל לח

1 אִין יֶענֶע טֶעג אִיז חִזְקִיָּהוּ קְרַאנְק גֶעוָוארֶען צוּ שְׁטַארְבֶּען, אַזוֹי אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען יְשַׁעְיָהוּ דֶער זוּהְן פוּן אָמוֹץ דֶער נָבִיא, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, מַאךְ אַ צַוָואָה צוּ דֵיין הויז, וָוארִין דוּא וֶועסְט שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דוּא וֶועסְט נִיט לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען׃

2 אוּנְד חִזְקִיָּהוּ הָאט גֶעקֶעהְרְט זֵיין פָּנִים צוּ דֶער וַואנְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ דֶעם הַאר׃

3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ הַאר, גֶעדֶענְק דָאךְ דָאס אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען פַאר דִיר מִיט אֶמֶת אוּנְד מִיט מֵיין גַאנְצֶען הַארְץ, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן וָואס אִיז גוּט אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד חִזְקִיָּהוּ הָאט גֶעוֵויינְט אַיין גְרוֹיס גֶעוֵויין׃

4 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יְשַׁעְיָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

5 גֵייא אַהִין, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ חִזְקִיָּהוּ, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן דֵיין פָאטֶער דָוִד, אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דֵיין גֶעבֶּעט, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דֵיינֶע טְרֶערֶען, זֶעה, אִיךְ וֶועל פֶערְמֶעהְרֶען אוֹיף דֵיינֶע טֶעג פוּנְפְצֶעהְן יָאהְר׃

6 אוּנְד פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן אַשׁוּר וֶועל אִיךְ דִיךְ מַצִיל זֵיין, אוּנְד אוֹיךְ דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט, אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעשִׁיצֶען דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט׃

7 דָאס אִיז דִיר דָאס צֵייכֶען פוּן דֶעם הַאר, דָאס דֶער הַאר וֶועט טְהוּן דִיא זַאךְ וָואס עֶר הָאט גֶערֶעדט׃

8 זֶעה אִיךְ וֶועל צוּרִיק קֶעהְרֶען דֶעם שָׁאטֶען פוּן דִיא שְׁטַאפְּלֶען וָואס אִיז אַרָאפְּגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא שְׁטַאפְּלֶען פוּן דֶעם זוּן־זֵייגֶער פוּן אָחָז צֶעהְן שְׁטַאפְּלֶען צוּרִיק, אוּנְד דִיא זוּן הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צֶעהְן שְׁטַאפְּלֶען אוֹיף דֶעם זוּן־זֵייגֶער וָואס אִיז (שׁוֹין גֶעוֶועזֶען) אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען׃

9 דָאס אִיז דִיא שְׁרִיפְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ חִזְקִיָּהוּ, וֶוען עֶר אִיז קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען פוּן זֵיינֶע קְרַאנְקְהֵייט׃

10 אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט אַז אִין דִיא אָפְּשְׁנֵיידוּנְג פוּן מֵיינֶע טֶעג, וֶועל אִיךְ גֵיין צוּ דִיא טוֹירֶען פוּן דֶעם שְׁאוֹל, אִיךְ בִּין גֶעמִינְגֶערְט גֶעוָוארֶען פוּן מֵיינֶע אִיבְּרִיגֶע יָאהְרֶען׃

11 אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אַז אִיךְ וֶועל נִיט גָאט זֶעהֶען, יָא, גָאט אִין דֶעם לַאנְד פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע, אִיךְ וֶועל נִיט מֶעהְר אָנְקוּקֶען אַ מֶענְשׁ בֵּייא דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן דֶער וֶועלְט׃

12 מֵיין דוֹר אִיז אַוֶועק אוּנְד פוּן מִיר פֶערְטְרִיבֶּען אַזוֹי וִויא אַ גֶעצֶעלְט פוּן אַ פַּאסְטוּךְ; אִיךְ הָאבּ מֵיין לֶעבֶּען צוּזַאמֶענְגֶעוִויקֶעלְט וִויא אַ וֶועבֶּער, עֶר וֶועט מִיךְ אָפְּשְׁנֵיידֶען וִויא אַ פָּאדֶעם, פוּן טָאג בִּיז נַאכְט וֶועסְט דוּא פוּן מִיר אַיין עֶק מַאכֶען׃

13 אִיךְ הָאבּ מִיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט בִּיז אִין דֶער פְרִיה, אַזוֹי וִויא אַ לֵייבּ הָאט עֶר צוּבְּרָאכֶען אַלֶע מֵיינֶע בֵּיינֶער, פוּן טָאג בִּיז נַאכְט וֶועסְט דוּא פוּן מִיר אַיין עֶק מַאכֶען׃

14 אַזוֹי וִויא אַ שְׁוַואלְבּ אָדֶער אַיין קְרָאנִיךְ אַזוֹי טְהוּא אִיךְ פִּיפְּצֶען, אִיךְ

האָב געקלאָגט וויא אַ טויב, מיינע
אויגען האָבען זיך דערהויבען נאָך
דער הייך, אָ גאָט, איך ווער אונטער־
דריקט, זייא מיין ערב:
15 וואָס זאָל איך (נאָך) רעדען?
וואָרין ער האָט עס צו מיר געזאָגט
אונד ער האָט עס אויך געטהון, איך
וועל פערוואָגעלט ווערען, אונד אַלע
מיינע יאָהרען וועט מיין נֶפֶשׁ זיין אין
ביטערקייט:
16 אָ גאָט, דורך זאַלכעס לעבט מען,
אונד אין דעם אַלעם בעשטייט דאָס
לעבען פון מיין גייסט, אונד אַזוי וועסט
דוא מיך ווידער געזונד מאַכען אונד
לאָזען לעבען:
17 זעה, (איך האָב געהאָפט) אויף
שלום אָבער עס איז מיר זעהר ביטער
געוועזען, אָבער דוא האָסט חֵשֶׁק גע־
האַט צו מיין נֶפֶשׁ כְּדֵי מיך ניט צו
פערדאַרבען, וואָרין דוא האָסט הינטער
דיין ריקען אַוועקגעוואָרפען אַלע מיינע
זינד:
18 וואָרין אין דעם שְׁאוֹל קען מען דיר
ניט דאַנקען, דער טויטער לויבט דיך
ניט, דיא וואָס טהון אַרופּנידערן אין
דיא גרוב קענען ניט האָפען אויף דיינע
וואָהרהייט:
19 דער לעבעדיגער, יאַ דער לעבע־
דיגער דער וועט דיך לויבען, אַזוי
וויא איך טהוא היינטע, דער פאָטער
וועט צו דיא קינדער דיינע וואָהרהייט
וויסען לאָזען:
20 יְהוָֹה איז דאַ מיר צו העלפען,
דאַרום וועלען מיר זינגען מיינע געזאַנגען
אַלע טעג פון אונזער לעבען אין דעם
הויז פון גאָט:
21 אונד יְשַׁעְיָה האָט געזאָגט, נעמט אַ
פייגען פלאַסטער אונד לייגט עס אויף
דעם גרונד אַזוי וועט ער געהיילט ווערען:
22 אונד חִזְקִיָּהוּ האָט געזאָגט, וואָס
איז דער צייכען אַז איך וועל אַרויפגיין
אין דעם הויז פון גאָט?

קאַפּיטעל לט

1 אין יענער צייט האָט מְרוֹדַךְ
בַּלְאַדָן, דער זוהן פון בַּלְאַדָן דער
קעניג פון בָּבֶל געשיקט בריף אונד
אַ מַתָּנָה צו חִזְקִיָּהוּ, וואָרין ער האָט
געהערט אַז חִזְקִיָּהוּ איז קראַנק גע־
וועזען אונד איז געזונד געוואָרען:
2 אונד חִזְקִיָּהוּ האָט זיך איבער זייא
געפרייט אונד ער האָט זייא געוויזען דאָס
גאַנצע שאַטצהויז, דאָס זילבער אונד
דאָס גאָלד, אונד דאָס געווירץ, אונד
דעם גוטען אייל, אונד דאָס גאַנצע
הויז פון זיינע געפעס, אונד אַלעס
וואָס האָט זיך געפונען אין זיינע
אוֹצָרוֹת, עס איז ניט געוועזען איין
זאַך, וואָס חִזְקִיָּה האָט זייא ניט גע־
וויזען אין זיין הויז, אונד אין זיינע
גאַנצע הערשאַפט:
3 אונד דער נָבִיא יְשַׁעְיָהוּ איז גע־
קומען צו דעם קעניג חִזְקִיָּהוּ, אונד
ער האָט צו איהם געזאָגט, וואָס האָבען
דיר דיא דאָזיגע מענשען געזאָגט,
אונד פון וואַנען זענען זייא געקומען
צו דיר? אונד חִזְקִיָּהוּ האָט געזאָגט,
זייא זענען געקומען פון איין ווייטעס
לאַנד, פון בָּבֶל:
4 אונד ער האָט געזאָגט, וואָס האָבען
זייא געזעהען אין דיין הויז? אונד
חִזְקִיָּהוּ האָט געזאָגט, אַלעס וואָס איז אין
מיין הויז האָבען זייא געזעהען עס איז
ניט געוועזען איין זאַך, וואָס איך האָב
זייא ניט געוויזען אין מיינע אוֹצָרוֹת:

אונד

5 אוּנְד יְשַׁעְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
חִזְקִיָהוּ, הֶער דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר׃
6 זֶעה, עֶס וֶועלֶען קוּמֶען טֶעג,
אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז אִין דַיין הויז אוּנְד
וָואס דַיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען פֶערְ־
זַאמֶעלְט, בִּיז צוּ דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג,
וֶועט אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט וֶוערֶען נָאךְ בָּבֶל,
עֶס וֶועט נִיט אִיבֶּערְבְּלַייבֶּען אֵיין זַאךְ,
הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט׃
7 אוּנְד פוּן דַיינֶע קִינְדֶער וָואס
וֶועלֶען אַרוֹיסְגֵיין פוּן דִיר, וָואס דוּא
וֶועסְט גֶעוִוינֶען, וֶועלֶען זַייא נֶעמֶען
אוּנְד זַייא וֶועלֶען זַיין הוֹיפְדִינֶער
אִין דֶעם פַּאלַאץ פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן
בָּבֶל׃
8 אוּנְד חִזְקִיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
יְשַׁעְיָהוּ, עֶס אִיז גוּט דָאס וָוארְט פוּן
דֶעם הַאר וָואס דוּא הָאסְט גֶערֶעט,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לָאז דָאךְ נָאר
זַיין פְרִידֶען אוּנְד וָוארְהַייט אִין מֵיינֶע
צַייטֶען׃

## קאפיטעל מ

1 טְרַייסְטֶעט, טְרַייסְטֶעט מֵיין פָאלְק,
זָאגְט אֵייעֶר גָאט׃
2 רֶעט צוּ דֶעם הַארְץ פוּן יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד רוּפְט צוּ אִיהְר אַז אִיהְרֶע בֶּע־
שְׁטִימְטֶע צֵייט אִיז דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען,
אַז אִיהְרֶע זִינְד אִיז פֶערְגֶעבֶּען, וָוארִין
זִיא הָאט גֶענוּמֶען פוּן גָאטְ'ס הַאנְד
דָאפֶּעלְט פַאר אַלֶע אִיהְרֶע זִינְד׃
3 אַ קוֹל רוּפְט אִין דֶער מִדְבָּר, מַאכְט
צוּרֶעכְט דֶעם וֶועג פוּן גָאט, מַאכְט
גְרַאד אִין דֶער וִויסְטֶענֵייא אַ גֶעטְרֶע־
טֶענֶעם וֶועג פַאר אוּנְזֶער גָאט׃
4 אִיטְלִיכֶעס טְהָאל וֶועט דֶערְהוֹיבֶּען
וֶוערֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶער בַּארְג אוּנְד
הֵייךְ וֶועט דֶערְנִידְרִיגְט וֶוערֶען, אוּנְד
דָאס פֶערְקְרִימְטֶע וֶועט גְלֵייךְ וֶוערֶען,
אוּנְד דָאס גֶעבַּארְגְטֶע וֶועט וֶוערֶען צוּ
אַ גְלֵייכֶען פְּלַאץ׃
5 אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן גָאט וֶועט
עֶנְטפְּלֶעקְט וֶוערֶען, אוּנְד אַלֶעס פְלֵיישׁ
וֶועט עֶס צוּזַאמֶען זֶעהֶען, וָוארִין דָאס
מוֹיל פוּן גָאט הָאט עֶס גֶערֶעט׃
6 דָאס קוֹל הָאט גֶעזָאגְט רוּף! אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס זָאל אִיךְ רוּפֶען?
אַלֶעס פְלֵיישׁ אִיז (וִויא) גְרָאז, אוּנְד זַיין
גַאנְצֶער חֶסֶד אִיז וִויא דִיא שְׁפְּרָאצוּנְג
פוּן דֶעם פֶעלְד׃
7 דָאס גְרָאז פֶערְטְרִיקֶענְט, אוּנְד דִיא
בְּלוּם פֶערְוֶועלְקְט, וַוייל דֶער הוֹיךְ פוּן
גָאט הָאט דַארוֹיף גֶעבְּלָאזֶען, בְּאֶמֶת
דָאס פָאלְק אִיז (וִויא) גְרָאז׃
8 דָאס גְרָאז וֶוערְט פֶערְטְרָאקֶענְט,
אוּנְד דִיא בְּלוּם פֶערְוֶועלְקְט, אָבֶּער דָאס
וָוארְט פוּן אוּנְזֶער גָאט בֶּעשְׁטֵייט אוֹיף
אֵייבִּיג׃
9 גֵייא אַרוֹיף אוֹיף אַ הוֹיכֶען בַּארְג
אָ צִיוֹן, וָואס בְּרֶענְגְסְט אַ גוּטֶע בְּשׂוּרָה!
אָ יְרוּשָׁלַיִם וָואס בְּרֶענְגְסְט אַ גוּטֶע
בְּשׂוּרָה הֵייב אוֹיף דַיין קוֹל מִיט כּוֹחַ,
הֵייב עֶס אוֹיף הָאב נִיט קֵיין מוֹרָא,
זָאג צוּ דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, זֶעהְט
אֵייעֶר גָאט!
10 זֶעהְט דֶער הַאר גָאט וֶועט קוּמֶען
מִיט שְׁטַארְקְהַייט, אוּנְד זַיין אָרֶעם וֶועט
פַאר אִיהְם גֶעוֶועלְטִיגֶען, זֶעהְט, זַיין
שְׂכַר אִיז מִיט אִיהְם, אוּנְד זַיין וֶוערְק
אִיז פָאר אִיהְם׃
11 אַזוֹי וִויא אַ פַּאסְטוּךְ וֶועט עֶר
ווַיידֶען זַיינֶע שָׁאף, דִיא לֶעמֶעלֶעךְ
וֶועט עֶר אֵיינְזַאמֶעלְן מִיט זַיין אָרֶעם,
אוּנְד עֶר וֶועט זַייא טְרָאגֶען, אוּנְד דִיא

זײגענדיגע װעט ער פּאַמעלעך פֿירען׃
12 װער האָט מיט זײַנע הױלע האַנד
דאָס װאַסער געמאָסטען, אונד דעם
הימעל בערעכענט מיט דעם שפּאַן,
אונד האָט מיט אַ שליש (מאָס) גע־
מאָסטען דעם שטױב פֿון דער ערד,
אונד האָט אָפּגעװאױגען דיא בערג מיט
אַ געװיכט, אונד דיא הײך מיט
װאָגשאָלען ?
13 װער האָט אָנגעברײט דעם רוח
הקודש פֿון גאָט ? אָדער זײַן עצה
געבער אַז ער זאָל איהם אונטערװײזען ?
14 מיט װעמען האָט ער זיך מיַעץ
געװעזען, אונד ער האָט איהם צו
פֿערשטײן געגעבען, אונד האָט איהם
געלערנט אין דעם װעג פֿון משפּט,
אונד האָט איהם געלערנט דעם װעג
פֿון װיסענשאַפֿט, אונד האָט איהם
געלאָזט װיסען פֿערשטאַנד ?
15 זעה, דיא פֿעלקער זענען גערע־
כענט װיא אַ טראָפּ פֿון דעם אײמער,
אונד װיא דער שטױב פֿון אַ װאָגשאָל,
זעה, דיא אינזלען װערען אַװעקגעטראָגען
װיא דינער שטױב׃
16 אונד לבנון איז ניט גענוג צו
ברענען, אונד זײַנע חיות זענען ניט
גענוג פֿאַר אַ קרבן עולה׃
17 אַלע פֿעלקער זענען װיא גאָר־
ניט פֿאַר איהם, נאָך װעניגער װיא
גאָרניט אונד לעערקײט זענען זײא פֿאַר
איהם בעטראַכטעט׃
18 צו װעמען װילט גאָט פֿער־
גלײַכען ? אונד װאָס פֿאַר אַ געשטאַלט
װילט איהר איהם אָנריכטען ?
19 דער קינסטלער גיסט אַ בילד,
אונד דער גאָלדשמיד ציהט עס איבער
מיט גאָלד, אונד ער גיסט זילבערנע
קײטעלעך דאַצו׃
20 דער פֿעראָרעמטער װאָס קען
אָפּשײדען דערװײלט זיך אַ בױם װאָס
קען ניט פֿערפֿױלט װערען, אונד ער
זוכט זיך אױס אַ קלוגען קינסטלער
כּדי איהם צו צובערײטען אַזאַ אַ בילד
װאָס זאָל ניט אַװעקגערוקט װערען׃
21 װײסט איהר עס דען ניט ? האָט
איהר עס דען ניט געהערט ? האָט
מען עס ניט אײך אָנגעזאָגט פֿון
אָנפֿאַנג ? האָט איהר דען ניט פֿער־
שטאַנען דיא גרונדפֿעסטען פֿון דער
ערד׃
22 (ער איז עס) װאָס זיצט אױף דעם
צירקעל פֿון דער ערד, אונד איהרע
בעװאױנער זענען װיא הײשרעקען,
דער װאָס בערײטעט אױס דעם הימעל
װיא אַ דינע דעק, אונד האָט זײא
אױסגעצױגען װיא אַ געצעלט דאַרין
צו װאױנען׃
23 דער װאָס מאַכט דיא פֿערשטען
צו גאָרניט, אונד דיא שופֿטים פֿון
דער ערד מאַכט ער װיא לעערקײט׃
24 זײא זענען אַפֿילו ניט געפֿלאַנצט
געװאָרען, אונד אַפֿילו אױך ניט גע־
זײעט, אונד זײא זענען אַפֿילו ניט
אײנגעװאָרצעלט אין דער ערד, אונד
װען ער בלאָזט אױף זײא אַזױ װערען
זײא פֿערטריקענט, אונד דער שטאָרם־
װינד טראָגט זײא אַװעק װיא שטרױ׃
25 אָבער צו װעמען װילט איהר מיך
גלײַכען אַז איך זאָל גלײַך זײַן ? זאָגט
דער הײליגער ?
26 הײבט אױף אײַערע אױגען אונד
זעהט, װער האָט דיא דאָזיגע בע־
שאַפֿען ? װאָס ברענגט אַרױס זײַנע
חילות מיט דער צאָהל, ער רופֿט

זֵייא אַלֶע מִיט דֶעם נָאמֶען, מַחֲמַת
זַיין פִיל פֶערְמֶעגֶען אוּנְד זֵיינֶע גְרויסֶע
קְרַאפְט וֶועט קֵיין אֵיינְצִיגֶער פֶעהְלֶען:
27 פַאר וָואס זָאגְסְט דוּא יַעֲקֹב, אוּנְד
דוּא רֶעדְסְט יִשְׂרָאֵל מֵיין וֶועג אִיז
פֶערְבָּארְגֶען פוּן יְהֹוָה, אוּנְד מֵיין מִשְׁפָּט
אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן מֵיין גָאט?
28 ווייסְט דוּא דֶען נִיט? הָאסְט דוּא
עֶס דֶען נִיט גֶעהֶערְט אַז דֶער אֵייבִּיגֶער
גָאט, יְהֹוָה וָואס הָאט בֶּעשַׁאפֶען דִיא
עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד, עֶר ווֶערְט נִיט
מִיד אוּנְד נִיט מַאט, עֶס אִיז נִיט דָא
קֵיין אויסְפָארְשוּנְג צוּ זַיין פֶערְשְׁטַאנְד:
29 עֶר גֶעט צוּ דֶעם מִידֶען כּוֹחַ,
אוּנְד צוּ דֶעם וָואס הָאט קֵיינֶע קְרַאפְט
פֶערְמֶעהְרְט עֶר שְׁטַארְקְהֵייט:
30 אָבֶּער דִיא יוּנְגֶען ווֶעלֶען מִיד
אוּנְד מַאט ווֶערֶען, אוּנְד דִיא יוּנְגֶע
לַייט וֶועלֶען גֶעשְׁטְרויכֶעלְט ווֶערֶען:
31 אָבֶּער דִיא וָואס הָאפֶען אויף
גָאט וֶועלֶען דֶערְנֵייעֶרְן (זֵיירֶע) קְרַאפְט,
זֵייא וֶועלֶען אַרויפְגֵיין מִיט פְלִיגֶעלְן
וִויא אָדְלֶערְס, זֵייא ווֶעלֶען לויפֶען אוּנְד
נִיט מַאט ווֶערֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
גֵייז אָבֶּער נִיט מִיד ווֶערֶען:

קאפיטעל מא

1 שְׁווייגְט שְׁטִיל פַאר מִיר, אָ אִיהְר
אִינְזֶעל בֶּעוואוינֶער, אוּנְד לָאזֶען דִיא
פֶעלְקֶער דֶערְנֵייעֶרְן זֵייעֶר כּוֹחַ, אוּנְד
לָאזֶען זֵייא דֶענְסְטְמָאל גֶענֶעהֶנֶען אוּנְד
רֶעדֶען; לָאזֶען מִיר צוּזַאמֶען גֶענֶעהֶנֶען
צוּ דֶעם מִשְׁפָּט:
2 ווֶער הָאט דֶערְוֶועקְט דֶעם צַדִיק
פוּן מִזְרַח־זֵייט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶער־
רוּפֶען צוּ זַיין פוּס, וָואס הָאט פַאר
אִיהְם גֶעגֶעבֶּען פֶעלְקֶער, אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט גֶעוֶועלְטִיגֶען
אִיבֶּער מְלָכִים? עֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען
וִויא שְׁטויבּ צוּ זַיין שְׁוֶוערְט אוּנְד וִויא
צוּשְׁפְּרֵייטֶעס שְׁטְרוֹי פַאר זַיין בּויגֶען:
3 עֶר הָאט זֵייא נָאכְגֶעיָאגְט, אוּנְד
עֶר אִיז בְּשָׁלוֹם אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אויף
אֵיין וֶועג וָואס עֶר פְּלֶעגְט נִיט צוּ גֵיין
צוּ פוּס:
4 ווֶער הָאט דָאס גֶעוֶוערְקְט אוּנְד
גֶעטְהוּן, אוּנְד הָאט גֶערוּפֶען דִיא דוֹרוֹת
פוּן אַנְפַאנְג אָן? אִיךְ יְהֹוָה, דֶער
עֶרְשְׁטֶער אוּנְד דֶער לֶעצְטֶער; אִיךְ
בִּין דֶערְזֶעלְבִּיגֶער:
5 דִיא אִינְזֶעלְן הָאבֶּען עֶס גֶעזֶעהֶען
אוּנְד הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט, דִיא עֶקֶען
פוּן דֶער עֶרְד וֶועלֶען צִיטֶערְן, זֵייא
גֶענֶעהֶנֶען זִיךְ אוּנְד קוּמֶען (צוּזַאמֶען):
6 אֵיינֶער וֶועט דֶעם אַנְדֶערְן הֶעלְפֶען
אוּנְד אִיטְלִיכֶער וֶועט זָאגֶען צוּ זַיין
בְּרוּדֶער שְׁטַארְק דִיךְ:
7 דֶער צִימֶערְמַאן שְׁטַארְקְט דֶעם
(גָאלְד) שְׁמִיד, אוּנְד דֶער וָואס מַאכְט
גְלַאט מִיט דֶעם הַאמֶער דֶעם וָואס
הַאקְט אויף דֶעם אֵייזֶען (אַמְבּוֹס), אוּנְד
זָאגְט צוּ דֶער לֵייטוּנְג עֶס אִיז גוּט, אוּנְד
עֶר בֶּעפֶעסְטִיגְט זֵייא מִיט נֶעגֶעל כְּדֵי
זֵייא זָאלֶען נִיט אַוֶועקְגֶערִיקְט ווֶערֶען:
8 אָבֶּער דוּא יִשְׂרָאֵל בִּיזְט מֵיין קְנֶעכְט;
יַעֲקֹב וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ אויסְדֶערְוֶוועהְלְט,
דֶער זָאמֶען פוּן אַבְרָהָם מֵיין פְרֵיינְד
(לִיבְּהָאבֶּער):
9 דוּא, וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ אָנְגֶענוּמֶען
פוּן דִיא עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד פוּן
זֵיירֶע ווִינְקֶעלְן הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶערוּפֶען,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶעזָאגְט, דוּא
בִּיזְט מֵיין קְנֶעכְט, אִיךְ הָאבּ דִיךְ אויסְ־
דֶערְוֶוועהְלְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ נִיט
פֶערְוָוארְפֶען:

10 דוּא זָאלְסְט נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען,
וָוארִין אִיךְ בִּין מִיט דִיר, דוּא זָאלְסְט
דִיךְ נִיט אוּמְקוּקֶען מִיט שְׁרֶעק, וָוארִין
אִיךְ בִּין דֵיין גָאט; אִיךְ וֶועל דִיךְ
שְׁטַארְקֶען, אוּנְד אוֹיךְ הֶעלְפֶען, אִיךְ
וֶועל דִיךְ דֶערְהַאלְטֶען מִיט דִיא
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד:
11 זֶעה, אַלֶע וָואס הָאבֶּען זִיךְ קֶעגֶען
דִיר דֶערְצָארְנְט וֶועלֶען זִיךְ מוּזֶען
שֶׁעמֶען אוּנְד צוּ שַׁאנְדֶען וֶוערֶען, זֵייא
וֶועלֶען זֵיין וִויא גָארְנִישְׁט, אוּנְד דִיא
וָואס הַאלְטֶען מִלְחָמָה מִיט דִיר וֶועלֶען
פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען:
12 דוּא וֶועסְט זוּכֶען דִיא לֵייט וָואס
קְרִיגֶען זִיךְ מִיט דִיר אָבֶּער דוּא וֶועסְט
זֵייא נִיט גֶעפוּנֶען, דִיא וָואס הַאלְטֶען
מִלְחָמָה מִיט דִיר וֶועלֶען זֵיין וִויא גָאר
נִישְׁט אוּנְד וִויא אַ זַאךְ וָואס קֶען נִיט
זֵיין:
13 וָוארִין אִיךְ, דֶער הַאר דֵיין גָאט
וֶועל הַאלְטֶען דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד,
אוּנְד זָאגֶען, הָאבּ נִיט קֵיין מוֹרָא, אִיךְ
וֶועל דִיר הֶעלְפֶען:
14 פָארְכְט דִיךְ נִיט, דוּא וֶוערְמֶעל
יַעֲקֹב, אוּנְד אִיהְר מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל!
אִיךְ וֶועל דִיר הֶעלְפֶען, זָאגְט יְהוָֹה,
אוּנְד דֵיין אוֹיסְדֶערְלֵייזֶער, דֶער הֵיילִיגֶער
פוּן יִשְׂרָאֵל:
15 זֶעה אִיךְ וֶועל דִיךְ מַאכֶען צוּ אַ
נֵייעֶם שַׁארְפֶען דְרֶעשׁ־הָאלְץ מִיט אַ
דָאפֶּעלְטֶער שַׁארְף, דוּא וֶועסְט דִיא
בֶּערְג דְרֶעשֶׁען, אוּנְד זֵייא קְלֵיין צוּ־
שְׁטוֹיסֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט דִיא בֶּערְג
מַאכֶען וִויא פְּלֶעוֶוע:
16 דוּא וֶועסְט זֵייא וַוארְפֶען, אוּנְד
דֶער וִוינְד וֶועט זֵייא אַוֶועקְטְרָאגֶען,
אוּנְד דֶער שְׁטוּרְמְוִוינְד וֶועט זֵייא צוּ־
שְׁפְּרֵייטֶען, אָבֶּער דוּא וֶועסְט דִיךְ
פְרֵייעֶן אִין דֶעם הַאר, אוּנְד וֶועסְט
דִיךְ בֶּערִימֶען אִין דֶעם הֵיילִיגֶען פוּן
יִשְׂרָאֵל:
17 וֶוען דִיא אָרֶעמֶע אוּנְד נוֹיטְ־
בֶּעדִירְפְטִיגֶע זוּכֶען וַואסֶער, אוּנְד עֶס
אִיז נִיט דָא, אוּנְד זֵייעֶר צוּנְג אִיז
פֶערְשְׁמַאכְטֶעט פוּן וֶועגֶען דוּרְשְׁט,—
אִיךְ יְהוָֹה וֶועל זֵייא דֶערְהֶערֶען, אִיךְ
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועל זֵייא נִיט
פֶערְלָאזֶען:
18 אִיךְ וֶועל אוֹיפְמַאכֶען טֵייכֶען אוֹיף
דִיא הוֹיכֶע עֶרְטֶער, אוּנְד קְוֶועל־בְּרוּנֶען
אִין דִיא טְהֶעלֶער; אִיךְ וֶועל מַאכֶען
דִיא מִדְבָּר צוּ אֵיין זַאמְלוּנְג פוּן וַואסֶער,
אוּנְד דָאס טְרָאקֶענֶע לַאנְד צוּ קְוַואלֶען־
וַואסֶער:
19 אִיךְ וֶועל פְּלַאנְצֶען אִין דֶער מִדְבָּר
טַאנֶען־בֵּיימֶער, אַקַאצִיעֶן־בֵּיימֶער,
הֲדַסִים, אוּנְד אֵייל־בֵּיימֶער, אִיךְ וֶועל
פְּלַאנְצֶען אִין דִיא וִויסְטֶענֵייא צִיפְּרֶעסֶען־
בֵּיימֶער, פִיכְטֶען אוּנְד בּוּקְסֶען־בֵּיימֶער
מִיט אַנַאנְדֶער:
20 כְּדֵי זֵייא זָאלֶען עֶס זֶעהֶען אוּנְד
וִויסֶען, אוּנְד אִיבֶּערְלֵייגֶען אוּנְד מִיט
אַנַאנְדֶער פֶערְשְׁטֵיין, אַז גָאט׳ס הַאנְד
הָאט דָאס דָאזִיגֶע גֶעטְהוּן, אוּנְד דֶער
הֵיילִיגֶער פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט עֶס בֶּעְ־
שַׁאפֶען:
21 בְּרֶענְגְט אַהֶער אֵייעֶרֶע שְׁטְרֵייט־זַאךְ,
זָאגְט יְהוָֹה, בְּרֶענְגְט אַהֶער אֵייעֶרֶע
שְׁטַארְקֶע טַעֲנוֹת זָאגְט דֶער מֶלֶךְ פוּן
יַעֲקֹב:
22 לָאזֶען זֵייא נָאהֶענְט גֶענֶעהֶנֶען,
אוּנְד לָאזֶען זֵייא אוּנְס אָנְזָאגֶען וָואס
עֶס וֶועט זִיךְ פָּארטְרֶעפֶען, לָאזֶען זֵייא
אָנְזָאגֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע זַאכֶען וָואס זֵייא

זָעגֶען, אַז מִיר זָאלֶען זַייא בֶּעטְרַאכְטֶען
אוּנְד וִויסֶען זַייעֶר סוֹף דַאפוּן, אָדֶער
זָאגְט אוּנְס אָן וָואס וֶועט עֶרְשְׁט זַיין׃
23 זָאגְט אָן וָואס וֶועט שְׁפֶּעטֶער זַיין,
אַז מִיר זָאלֶען דֶערְקֶענֶען אַז אִיהְר
זַייט גֶעטֶער, יָא, טְהוּט גוּטֶעס אָדֶער
שְׁלֶעכְטֶעס כְּדֵי מִיר זָאלֶען זִיךְ מִיט
פָּארְכְט אוּמְזֶעהֶען אוּנְד מִיט אַנַאנְדֶער
בֶּערֶעדֶען׃
24 זֶעהְט, אִיהְר זַייט דָאךְ פוּן גָארְ־
נִישְׁט, אוּנְד אֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען אוֹיךְ
הֶבֶל, אוּנְד דֶער וָואס הָאט אֵייךְ אוֹיסְ־
דֶערְוֶוײלְט אִיז אַיין אוּמְוִוירְדִיגֶער׃
25 אִיךְ הָאבּ אֵיינֶעם דֶערְוֶועקְט פוּן
צָפוֹן־זַייט, אוּנְד עֶר וֶועט אָנְקוּמֶען,
עֶר וֶועט מֵיינֶעם נָאמֶען אָנְרוּפֶען פוּן
מִזְרַח־זַייט, אוּנְד עֶר וֶועט קוּמֶען
אִיבֶּער דִיא פֶּערְשְׁטֶען וִויא אִיבֶּער
לֵיים, אוּנְד אַזוֹי וִויא אַ טֶעפֶּער צוּטְרֶעט
דֶעם לֵיים׃
26 וֶוער הָאט עֶס פוּן דֶעם אָנְפַאנְג
אָנְגֶעזָאגְט, אַז מִיר זָאלֶען עֶס וִויסֶען?
אוּנְד פוּן פְרִיהֶער אָן אַז מִיר זָאלֶען
קֶענֶען זָאגֶען עֶר אִיז גֶערֶעכְט? אָבֶּער
עֶס אִיז נִיט דָא אַיין אָנְזָאגֶער, עֶס אִיז
קֵיינֶער נִיט דָא וָואס מַאכְט אֵייעֶרֶע
וֶוערְטֶער הֶערֶען׃
27 דֶער עֶרְשְׁטֶער וֶועט זָאגֶען צוּ
צִיּוֹן, זֶעהְט, זֶעהְט זַייא אָן! אָבֶּער
אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען צוּ יְרוּשָׁלַיִם אֵיינֶעם
וָואס בְּרֶענְגְט אַ גוּטֶע בְּשׂוֹרָה׃
28 וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוּמְגֶעזֶעהֶען,
אוּנְד עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט דָא גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד צְוִוישֶׁען זַייא אִיז נִיט דָא גֶעוֶועזֶען
קֵיין עֵצָה גֶעבֶּער, אַז אִיךְ זָאל פוּן
זַייא אָנְפְרֶעגֶען, אוּנְד זַייא זָאלֶען עֶפֶּעס
עֶנְטְפֶערְן׃
29 זֶעהְט, אַלֶע זֶענֶען הֶבֶל, זֵייעֶרֶע
מַעֲשִׂים זֶענֶען גָארְנִיט, זֵייעֶרֶע גֶעגָאסֶענֶע
גֶעצֶען־בִּילְדֶער זֶענֶען וִויא ווִינְד אוּנְד
לֶערְקֵייט׃

## קאפיטעל מב

1 זֶעה (דָאס אִיז) מֵיין קְנֶעכְט, וָואס
אִיךְ טְהוּא אִיהְם אוּנְטֶערְהַאלְטֶען, מֵיין
אוֹיסְדֶערְוֶוײלְטֶער אִין וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ
אַ וְואוילְגֶעפַאלֶען, אִיךְ הָאבּ אוֹיף אִיהְם
גֶעגֶעבֶּען מֵיין רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ, עֶר וֶועט
אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען דָאס מִשְׁפָּט צוּ דִיא
גוֹיִם׃
2 עֶר וֶועט נִיט שְׁרֵייעֶן אוּנְד עֶר וֶועט
נִיט אוֹיפְהֵייבֶּען זַיין קוֹל, אוּנְד עֶר
וֶועט עֶס נִיט אוֹיף דֶער גַאס הֶערֶען
לָאזֶען׃
3 אַ צוּקְנֶועטְשְׁטֶעס רָאהְר וֶועט עֶר
נִיט צוּבְּרֶעכֶען, אוּנְד דָאס (טוּנְקֶעלֶע)
קְנֵייטֶעל פוּן פְלַאקְס וֶועט עֶר נִיט
אוֹיסְלֶעשֶׁען; עֶר וֶועט דָאס מִשְׁפָּט
אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען צוּם אֱמֶת׃
4 עֶר וֶועט נִיט טוּנְקֶעל וֶוערֶען אוּנְד
אוֹיךְ נִיט צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען בִּיז עֶר
וֶועט מַאכֶען מִשְׁפָּט אוֹיף דֶער עֶרְד,
אוּנְד דִיא אִינְזֶעלְן וֶועלֶען וַוארְטֶען
אוֹיף זַיינֶע תּוֹרָה׃
5 אַזוֹי זָאגְט גָאט, יְהוָֹה וָואס הָאט
בֶּעשַׁאפֶען דִיא הִימֶעלְן, אוּנְד הָאט
זַייא אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען וָואס הָאט אוֹיסְ־
גֶעשְׁפְּרֵייטֶעט דִיא עֶרְד אוּנְד (אַלֶעס)
וָואס פוּן אִיהְר אַרוֹיסְשְׁפְּרָאצְט, וָואס
גִיט אַ נְשָׁמָה צוּ דֶעם פָאלְק וָואס אִיז
אוֹיף אִיהְר, אוּנְד אַ גֵייסְט צוּ דִיא
וָואס גֵייעֶן אוֹיף אִיהְר׃
6 אִיךְ בִּין יְהוָֹה וָואס הָאט דִיךְ
גֶערוּפֶען אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד אִיךְ
הָאבּ אָנְגֶענוּמֶען דַיינֶע הַאנְד, אוּנְד



איך

אִיךְ װֶעל דִיךְ בֶּעהִיטֶען, אוּנְד אִיךְ
װֶעל דִיךְ גֶעבֶּען צוּ אַ בְּרִית פוּן דֶעם
פָֿאלְק, צוּ אַ לִיכְט פַֿאר דִיא גוֹיִם:
7 אוֹיפְצוּמַאכֶען דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא
בְּלִינְדֶע, אַרוֹיסְצוּבְּרֶענְגֶען פוּן דֶעם
פֶֿערְשְׁלָאסֶענֶעם דִיא גֶעבּוּנְדֶענֶע, פוּן
דֶעם גֶעפֶֿענְקֶענִיס דִיא װָאס זִיצֶען אִין
דֶער פִֿינְסְטֶערְנִיס:
8 אִיךְ בִּין יְהוָֹה, דָאס אִיז מֵיין נָאמֶען,
אוּנְד מֵיין כָּבוֹד װֶעל אִיךְ נִיט גֶעבֶּען
צוּ אֵיין אַנְדֶערְן, אוֹיךְ נִיט מֵיין לוֹיבּ
צוּ גֶעצֶּענְבִּילְדֶער:
9 זֶעה דִיא עֶרְשְׁטֶע זַאכֶען זֶענֶען
אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד אִיךְ זָאג אָן נֵייעֶס
אֵיידֶער עֶס שְׁפְּרָאצְט נָאךְ אַרוֹיס מַאךְ
אִיךְ עֶס אֵייךְ הֶערֶען:
10 זִינְגְט צוּ יְהוָֹה אַ נֵייעֶס לִיד, זֵיין
לוֹיבּ אִיז פוּן עֶק פוּן דֶער עֶרְד, אִיהְר
װָאס גֵייט אַרוּפּ אוֹיף דֶעם יַם אוּנְד
זֵיינֶע פוּלְהַייט, דִיא אִינְזֶעלְן אוּנְד
זֵייעֶרֶע בֶּעװאוֹינֶערְס:
11 לָאזֶען דִיא מִדְבָּר אוּנְד זֵייעֶרֶע
שְׁטֶעט אוֹיפְהֵייבֶּען זֵייעֶר קוֹל, אוּנְד
דֶערְפֶֿער װָאס קֵדָר בֶּעװאוֹינְט, לָאזֶען
דִיא בֶּעװאוֹינֶער פוּן סֶלַע זִינְגֶען, לָאזֶען
זֵייא שַׁאלֶען פוּן דִיא שְׁפִּיץ בֶּערְג:
12 לָאזֶען זֵייא גֶעבֶּען כָּבוֹד צוּ יְהוָֹה,
אוּנְד אָנְזָאגֶען זֵיין לוֹיבּ אִין דִיא
אִינְזֶעלְן:
13 יְהוָֹה װֶעט אַרוֹיסְגֵיין װִיא אֵיין
גִבּוֹר, עֶר װֶעט זֵיינֶע קִנְאָה דֶערְװֶעקֶען
װִיא אַ בַּעַל מִלְחָמָה, עֶר װֶעט שַׁאלֶען,
עֶר װֶעט אוֹיךְ שְׁרֵייעֶן, אוּנְד עֶר װֶעט
זִיךְ שְׁטַארְקֶען קֶעגֶען זֵיינֶע פֵֿיינְד:
14 אִיךְ הָאבּ אַ לַאנְגֶע צֵייט גֶעשְׁװִיגֶען,
אִיךְ בִּין שְׁטִיל גֶעװֶעזֶען, אִיךְ הָאבּ
מִיךְ אֵיינְגֶעהַאלְטֶען, אָבֶּער אִיךְ װֶעל
אוֹיסְשְׁרֵייעֶן װִיא אַ גֶעװִינֶערִין, אִיךְ
װֶעל פֶֿערְװִיסְטֶען אוּנְד צוּזַאמֶען פֶֿערְ־
שְׁלִינְגֶען:
15 אִיךְ װֶעל דִיא בֶּערְג חָרוּב מַאכֶען,
אוּנְד דִיא הֵייךְ, אוּנְד אַלֶע זֵייעֶרֶע
גְרָאזֶען װֶעל אִיךְ פֶֿערְדַארְט מַאכֶען,
אָבֶּער אִיךְ װֶעל מַאכֶען טֵייכֶען צוּ דִיא
אִינְזֶעלְן, אָבֶּער דִיא פֶֿערְזַאמְלוּנְג פוּן
װַאסֶערְן װֶעל אִיךְ אוֹיסְטְרִיקֶענֶען:
16 אוּנְד אִיךְ װֶעל פִֿיהְרֶען דִיא בְּלִינְדֶע
אוֹיף אֵיין װֶעג װָאס זֵייא װֵייסֶען נִיט,
אוּנְד אוֹיף שְׁטֵייגֶען װָאס זֵייא װֵייסֶען
נִיט װֶעל אִיךְ זֵייא מַאכֶען טְרֶעטֶען,
אִיךְ װֶעל פַֿאר זֵייא מַאכֶען דִיא פִֿינְסְ־
טֶערְנִיס צוּ לִיכְט, אוּנְד דָאס פֶֿערְ־
קְרוּמְטֶע װֶעל אִיךְ גְרָאד מַאכֶען, דִיא
דָאזִיגֶע זַאכֶען װֶעל אִיךְ טְהוּן פַֿאר זֵייא
אוּנְד אִיךְ װֶעל זֵייא נִיט פֶֿערְלָאזֶען:
17 זֵייא װֶעלֶען מוּזֶען הִינְטֶער זִיךְ
צוּרִיקְקֶעהְרֶען אוּנְד גַאנְץ פֶֿערְשֶׁעהְמְט
װֶערֶען װָאס פֶֿערְלָאזֶען זִיךְ אוֹיף
גֶעצֶּענְבִּילְדֶער, װָאס זָאגֶען צוּ גֶעגָאסֶענֶע
בִּילְדֶער אִיהְר זֵייט אוּנְזֶערֶע גֶעטֶער:
18 הֶערְט אִיהְר טוֹיבֶּע, אוּנְד אִיהְר
בְּלִינְדֶע קוּקְט אוּם צוּ זֶעהֶען:
19 װֶער אִיז אַזוֹי בְּלִינְד װִיא מֵיין
קְנֶעכְט? אוּנְד װֶער אִיז טוֹיבּ װִיא מֵיין
שָׁלִיחַ װָאס אִיךְ שִׁיק אִיהְם? װֶער אִיז
בְּלִינְד װִיא דֶער װָאס אִיז פְּרוּם, אוּנְד
אַזוֹי בְּלִינְד װִיא דֶער קְנֶעכְט פוּן
יְהוָֹה:
20 פִֿילֶעס צוּ זֶעהֶען אוּנְד דוּא גֶעסְט
נִיט אַכְטוּנְג דַארוֹיף, צוּ הָאבֶּען אָפֶֿענֶע
אוֹירֶען אָבֶּער עֶר הֶערְט נִיט:
21 גָאט הָאט אַ װָאוֹילְגֶעפַֿאלֶען װֶעגֶען
זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, עֶר װֶעט דִיא
תּוֹרָה גְרוֹיס אוּנְד הֶערְלִיךְ מַאכֶען:

22 אָבֶער דָאס אִיז אַ גערויבְּטֶעס אוּנְד געפְּלִינְדֶערְטֶעס פָאלְק, זַייא זֶענֶען אַלֶע אִין דִיא לֶעכֶער אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען, אוּנְד זֶענֶען בֶּעהַאלְטֶען אִין גֶעפֶענְקְנִים הֵייזֶער, זַייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען צוּ אַ רוֹיב אוּנְד קֵיינֶער אִיז זַייא מַצִיל, זַייא זֶענֶען צוּטְרֶעטֶען גֶעוָוארֶען אוּנְד קֵיינֶער זָאגְט גִיבּ צוּרִיק:

23 וֶוער אִיז צְווִישֶׁען אֵייךְ אַז עֶר זָאל דָאס דָאזִיגֶע צוּהֶערֶען? וֶוער ווִיל עֶס פֶערְנֶעמֶען אוּנְד הֶערֶען וָואס וֶועט שְׁפֶּעטֶער זַיין?

24 וֶוער הָאט יַעֲקֹב אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּם רוֹיבּ, אוּנְד יִשְׂרָאֵל צוּ דִיא רוֹיבֶּערְס? אִיז עֶס נִיט יְהֹוָה, דֶער וָואס מִיר הָאבֶּען קֶעגֶען אִיהְם גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט גֵייְן אִין זַיין וֶועג, אוּנְד מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען צוּ זַיינֶע תּוֹרָה?

25 דַארִיבֶּער הָאט עֶר אִיבֶּער אִיהְם אוֹיסְגֶעגָאסֶען זַיין גְרִימְצָארְן, אוּנְד דִיא שְׁטַארְקְהֵייט פוּן דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַרִינְגְס אַרוּם אָנְגֶעצִינְדֶען, אָבֶּער עֶר הָאט עֶס נִיט דֶערְקֶענְט, אוּנְד עֶס הָאט אִין אִיהְם גֶעבְּרֶענְט אָבֶּער עֶר הָאט עֶס דָאךְ נִיט צוּ הַארְץ גֶענוּמֶען:

## קאפּיטעל מג

1 אָבֶער אַצוּנְד אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה דֵיין בּוֹרֵא, אָ יַעֲקֹב, אוּנְד דֵיין בֶּעשֶׁעפֶער, אָ יִשְׂרָאֵל, הָאבּ נִיט קֵיין מוֹרָא, וָוארִין אִיךְ הָאבּ דִיךְ אוֹיסְגֶעלֵייזְט, אִיךְ הָאבּ דִיךְ אָנְגֶערוּפֶען בֵּייא דֵיין נָאמֶען, דוּא בִּיזְט מֵיין:

2 וֶוען דוּא וֶועסְט אִיבֶּערְפָאהְרֶען דוּרְךְ דָאס וַואסֶער וֶועל אִיךְ מִיט דִיר זַיין, אוּנְד דוּרְךְ דִיא טֵייכֶען, אַזוֹי וֶועלֶען זַייא דִיךְ נִיט פֶערְפְלֵייצֶען, וֶוען דוּא וֶועסְט גֵייְן דוּרְךְ דֶעם פֵייעֶר אַזוֹי וֶועט עֶס דִיךְ נִיט פֶערְבְּרֶענֶען, אוּנְד דִיא פְלַאם וֶועט דִיךְ אוֹיךְ נִיט אָנְצִינְדֶען:

3 וָוארִין אִיךְ בִּין יְהֹוָה דֵיין גָאט, דֶער הֵיילִיגֶער פוּן יִשְׂרָאֵל דֵיין הֶעלְפֶער, אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען מִצְרַיִם אַלְס דֵיינֶע אוֹיסְלֵייזוּנְג, כּוּשׁ אוּנְד סְבָא אַנְשְׁטָאט דִיר:

4 ווייל דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען טֵייעֶר אִין מֵיינֶע אוֹיגֶען דַארוּם הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעעֶהְרְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעלִיבְּט, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיךְ גֶעבֶּען מֶענְשֶׁען אַנְשְׁטָאט דִיר, אוּנְד פֶעלְקֶערשַׁאפְטֶען פַאר דֵיין לֶעבֶּען:

5 הָאבּ נִיט קֵיין מוֹרָא וָוארִין אִיךְ בִּין מִיט דִיר, אִיךְ וֶועל בְּרֶענְגֶען דֵיין זָאמֶען פוּן מִזְרַח־זֵייט, אוּנְד פוּן מַעֲרָב־זֵייט וֶועל אִיךְ דִיךְ אֵיינְזַאמֶעלְן:

6 אִיךְ וֶועל זָאגֶען צוּ צָפוֹן־זֵייט, גִיבּ אַהֶער! אוּנְד צוּ דָרוֹם־זֵייט, הַאלְט נִיט צוּרִיק! בְּרֶענְג מֵיינֶע זִיהְן פוּן ווייטֶען אוּנְד מֵיינֶע טֶעכְטֶער פוּן עֶק וֶועלְט:

7 אִיטְלִיכֶער וָואס וֶוערְט אָנְגֶערוּפֶען בֵּייא מֵיין נָאמֶען, וָוארִין אִיךְ הָאבּ אִיהְם בֶּעשַׁאפֶען צוּ מֵיין כָּבוֹד, אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעבִּילְדֶעט אוּנְד אוֹיךְ גֶעמַאכְט:

8 בְּרֶענְג אַרוֹיס דָאס בְּלִינְדֶע פָאלְק וָואס הָאבֶּען אוֹיגֶען, אוּנְד דִיא טוֹיבֶּע וָואס הָאבֶּען אוֹירֶען:

9 לָאזֶען זִיךְ אַלֶע גוֹיִם צוּזַאמֶען פֶערְזַאמֶעלְן, אוּנְד לָאזֶען זִיךְ דִיא אוּמוֹת אֵיינְזַאמֶעלְן, וֶוער פוּן זַייא קֶען דָאס דָאזִיגֶע דֶערְצֵיילֶען? אָדֶער אוּנְס

הֶערֶען מַאכֶען דִיא פְרִיהֶערִיגֶע זַאכֶען,
לָאזֶען זֵייא אַהֶער גֶעבֶּען זֵייעֶרֶע עֵדוּת
אַז זֵייא זָאלֶען גֶערֶעכְט זַיין, אָדֶער
לָאזֶען זֵייא עֶס הֶערֶען אוּנְד זָאגֶען אַז
עֶס אִיז אֱמֶת :
10 אִיהְר זֶענְט מֵיינֶע עֵדוּת, זָאגְט
גָאט, אוּנְד מֵיין קְנֶעכְט וָואס אִיךְ הָאבּ
אִיהְם אוֹיסְדֶערְוֶוילְט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט
וִויסֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט מִיר גְלֵייבֶּען
אוּנְד פֶערְשְׁטֵיין אַז אִיךְ בִּין דֶער,
פַאר מִיר אִיז קֵיין גָאט נִיט בֶּעשַׁאפֶען
גֶעוָוארֶען, אוּנְד נָאךְ מִיר וֶועט אוֹיךְ
קֵיינֶער נִיט זַיין :
11 אִיךְ־אִיךְ בִּין יְהֹוָה, אוּנְד חוּץ
מִיר אִיז קֵיין הֶעלְפֶער נִיט דָא :
12 אִיךְ הָאבּ עֶס אָנְגֶעזָאגְט, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ גֶעהָאלְפֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
עֶס אֵייךְ גֶעמַאכְט הֶערֶען וֶוען עֶס
וַואר קֵיין פְרֶעמְדֶער (גָאט) צְוִוישֶׁען
אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר זֶעיְט מֵיינֶע עֵדוּת
זָאגְט יְהֹוָה דָאס אִיךְ בִּין גָאט :
13 יָא אֵיידֶער דֶער טָאג אִיז גֶעוֶועזֶען
בִּין אִיךְ דֶער, אוּנְד קֵיינֶער קֶען פוּן
מֵיינֶער הַאנְד מַצִיל זַיין, אִיךְ טְהוּא
וֶוערְקֶען אוּנְד וֶוער זָאל עֶס צוּרִיקְ־
קֶעהְרֶען ?
14 אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה, אֵייעֶר אוֹיסְלֵייזֶער,
דֶער הֵיילִיגֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּן אֵייעֶרֶעטְ־
וֶועגֶען הָאבּ אִיךְ גֶעשִׁיקְט נָאךְ בָּבֶל
אוּנְד הָאבּ זֵייא אַלֶע אַרוּפְגֶעבְּרַאכְט
מִיט רוּדֶערְן, אוּנְד דִיא כַּשְׂדִים אִין
שִׁיפְלֶעךְ מִיט זֵייעֶר גֶעזַאנְג :
15 אִיךְ בִּין יְהֹוָה אֵייעֶר הֵיילִיגֶער,
דֶער בֶּעשֶׁעפֶער פוּן יִשְׂרָאֵל אֵייעֶר
קֶענִיג :
16 אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה, דֶער וָואס מַאכְט
אַ וֶועג אִין דֶעם יַם, אוּנְד אַ שְׁטֵייג
אִין שְׁטַארְקֶע וַואסֶערְן :
17 דֶער וָואס בְּרֶענְגְט אַרוֹיס דֶעם
רֵייטְוָואגֶען מִיט דִיא פֶערְד אַ חַיִל
אוּנְד אַ שְׁטַארְקֶע מַאכְט, זֵייא וֶועלֶען
זִיךְ צוּזַאמֶען אַנִידֶערְלֵייגֶען אוּנְד וֶועלֶען
נִיט אוֹיפְשְׁטֵיין, זֵייא וֶועלֶען אוֹיסְגֵיין
וִויא אַ לִיכְט קְנוֹיט אוּנְד פֶערְלָאשֶׁען
וֶוערֶען :
18 אִיהְר זָאלְט נִיט גֶעדֶענְקֶען דִיא
עֶרְשְׁטֶע זַאכֶען, אוּנְד דָאס פְרִיהֶערִיגֶע
זָאלְט אִיהְר נִיט בֶּעטְרַאכְטֶען :
19 זֶעה, אִיךְ מַאךְ נֵייעֶס, אַצוּנְד וֶועט
עֶס אוֹיסְשְׁפְּרָאצֶען, וֶועט אִיהְר עֶס דֶען
נִיט וִויסֶען ? אִיךְ וֶועל אוֹיךְ אִין דֶער
מִדְבָּר מַאכֶען אַ וֶועג, אוּנְד טֵייכֶען
אִין דֶער וִויסְטֶענֵייא :
20 דִיא (וִוילְדֶע) חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד
וֶועלֶען מִיךְ עֶהְרֶען, דְרַאכֶען־שְׁלַאנְגֶען
אוּנְד יוּנְגֶע שְׁטְרוֹיסֶען, וַוייל אִיךְ הָאבּ
גֶעגֶעבֶּען וַואסֶער אִין דֶער מִדְבָּר,
אוּנְד טֵייכֶען אִין דֶער וִויסְטֶענֵייא, מֵיין
אוֹיסְדֶערְוֶוילְטֶעס פָאלְק אָנְצוּטְרֶענְקֶען :
21 דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק הָאבּ אִיךְ
גֶעשַׁאפֶען פַאר מִיר, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען
דֶערְצֵיילֶען מֵיין לוֹיבּ :
22 אָבֶּער דוּא הָאסְט נִיט אָנְגֶערוּפֶען
אַן מֵיין נָאמֶען, אָ יַעֲקֹב, גֶעיֶערְט דוּא
בִּיזְט מִיט מִיר מִיד גֶעוָוארֶען אָ
יִשְׂרָאֵל !
23 דוּא הָאסְט מִיר נִיט גֶעבְּרַאכְט
קֵיין לֶעמֶעלֶע פוּן דֵיינֶע עוֹלוֹת, אוּנְד
מִיט דֵיינֶע קָרְבָּנוֹת הָאסְט דוּא מִיךְ
נִיט מְכַבֵּד גֶעוֶועזֶען, אִיךְ הָאבּ דִיךְ
נִיט גֶעמַאכְט דִינֶען מִיט אַ קָרְבָּן מִנְחָה
אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ אוֹיךְ נִיט מִיד
גֶעמַאכְט מִיט וֵוייהְרוֹיךְ :
24 דוּא הָאסְט מִיר אוֹיךְ נִיט פַאר

גֶעלְר גֶעקוֹיפְט קֵיין צִימֶערוּנְד, אוּנְד
דוּא הָאסְט מִיךְ נִיט זַאט גֶעמַאכְט
מִיט דֶעם חֵלֶב פוּן דֵיינֶע קָרְבָּנוֹת,
נֵייעֶרְט דוּא הָאסְט מִיר אַרְבֵּייט גֶע־
מַאכְט דוּרְךְ דֵיינֶע זִינְד, אוּנְד דוּא
הָאסְט מִיךְ מִיד גֶעמַאכְט מִיט דֵיינֶע
זִינְד :
25 אִיךְ–אִיךְ בִּין דֶער וָואס מֶעקְט
אוֹיס דֵיינֶע זִינְד פוּן מֵיינֶעטְוֶועגֶען,
אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט גֶעדֶענְקֶען אַן דֵיינֶע
חַטָאִים :
26 דֶערְמַאן מִיךְ דָאךְ, לָאמֶער צוּ־
זַאמֶען הָאבֶּען אַ וִוכּוּחַ, דֶערְצֵייל דוּא
עֶס, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט גֶערֶעכְט זֵיין :
27 דֵיין עֶרְשְׁטֶער פָאטֶער הָאט גֶע־
זִינְדִיגְט, אוּנְד דֵיינֶע מְלִיצִים הָאבֶּען
קֶעגֶען מִיר מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען :
28 דַארוּם הָאבּ אִיךְ מְחַלֵל גֶעוֶועזֶען
דִיא הֵיילִיגֶע הַארֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
יַעֲקֹב אִין חֵרֶם גֶעבֶּען, אוּנְד יִשְׂרָאֵל
צוּ דִיא לֶעסְטֶערוּנְג :

קאפיטעל מד

1 אוּנְד אַצוּנְד הֶער מֵיין קְנֶעכְט יַעֲקֹב,
אוּנְד יִשְׂרָאֵל וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהְם
אוֹיסְדֶערְוֵוײלְט :
2 אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה וָואס הָאט דִיךְ
גֶעמַאכְט, אוּנְד וָואס הָאט דִיךְ בֶּע־
שַׁאפֶען, פוּן דֵיין מוּטֶערְס בּוֹיךְ אָן
הָאט עֶר דִיר גֶעהָאלְפֶען, הָאבּ נִיט
קֵיין מוֹרָא מֵיין קְנֶעכְט יַעֲקֹב, אוּנְד
דוּא יְשֻׁרוּן, וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהְם
אוֹיסְדֶערְוֵוײלְט :
3 וָוארִין אִיךְ וֶועל גִיסֶען וַואסֶער אוֹיף
דֶעם דוּרְשְׁטִיגֶען, אוּנְד רִינֶענְדִיגֶעס
וַואסֶער אוֹיף דֶעם טְרוּקֶענֶעם (לַאנְד),
אִיךְ וֶועל אוֹיסְגִיסֶען מֵיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ
אוֹיף דֵיין זָאמֶען, אוּנְד מֵיין בְּרָכָה
אוֹיף דֵיינֶע קִינְדֶער :
4 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אוֹיסְשְׁפְּרָאצֶען
וִויא צְוִוישֶׁען גְרָאז אַזוֹי וִויא וֶוערְבִּים
בַּייא וַואסֶער־טֵייכֶען :
5 אֵיינֶער וֶועט זָאגֶען אִיךְ גֶעהֶער צוּ
גָאט, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער וֶועט זִיךְ
אָנְרוּפֶען מִיט דֶעם נָאמֶען פוּן יַעֲקֹב,
אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער וֶועט זִיךְ אוּנְטֶער־
שְׁרֵייבֶּען מִיט זֵיינֶע הַאנְד צוּ גָאט,
אוּנְד וֶועט זִיךְ גֶעבֶּען אַ צוּנָאמֶען
יִשְׂרָאֵל :
6 אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה, דֶער מֶלֶךְ פוּן
יִשְׂרָאֵל אוּנְד זֵיין אוֹיסְלֵייזֶער יְהוָֹה
צְבָאוֹת, אִיךְ בִּין דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּנְד
אִיךְ בִּין דֶער לֶעצְטֶער, אוּנְד חוּץ מִיר
אִיז קֵיין גָאט נִיט דָא :
7 אוּנְד וֶוער קֶען אַזוֹי וִויא אִיךְ, אַז
עֶר זָאל רוּפֶען אוּנְד עֶס אָנְזָאגֶען,
אוּנְד עֶר זָאל עֶס פַאר מִיר צוּבֶּערֵייטֶען,
זֵייט דֶעם אִיךְ הָאבּ בֶּעשַׁאפֶען דָאס
אַלְטֶע פָאלְק ? אוּנְד דָאס וָואס וֶועט
אָנְקוּמֶען לָאזֶען זֵייא עֶס אָנְזָאגֶען :
8 דֶערשְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט אוּנְד צִיטֶערְט
נִיט, הָאבּ אִיךְ עֶס דִיךְ נִיט פוּן לַאנְג
אַהֶער גֶעלָאזְט הֶערֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
עֶס אָנְגֶעזָאגְט ? אִיהְר זֶענְט מֵיינֶע
עֵדוּת, אוֹיבּ עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ
גָאט חוּץ מִיר, אוּנְד אַז עֶס אִיז נִיט
דָא קֵיין פֶעלְז, אִיךְ קֶען קֵיינֶעם נִיט :
9 דִיא וָואס מַאכֶען גֶעצֶענְבִּילְדֶער
זֶענֶען אַלֶע גָארְנִיט, אוּנְד זֵיירֶע לוּסְטִיגֶע
בִּילְדֶער קֶענֶען זֵייא גָארְנִיט הֶעלְפֶען,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען זֶעלְבְּסְט זֵיירֶע עֵדוּת,
אַז זֵייא קֶענֶען נִיט זֶעהֶען אוּנְד וִויסֶען
נִיט, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען :
10 וֶוער מַאכְט אַ גָאט אוּנְד גִיסְט אַ
בִּילְד וָואס הָאט קֵיין נוּצֶען ?

11 זֶעה, אַלֶע זֵיינֶע חֲבֵרים װֶעלֶען פֶערְשֶׁעמְט װֶערֶען, אוּנְד אויךְ דִיא מֵייסְטֶער, זֵייא זֶענֶען פוּן מֶענְשֶׁען, זֵייא װֶעלֶען זִיךְ אַלֶע אֵיינְזַאמֶעלֶן, זֵייא װֶעלֶען זִיךְ אַנִידֶערשְׁטֶעלֶען אוּנְד שְׁרֶעקֶען אוּנְד מִיט אֵיינַאנְדֶער פֶערְשֶׁעמְט װֶערֶען׃

12 דֶער שְׁמִיד מִיט אֵיין אֵייזֶענֶע צְוַאנְג אַרְבֵּייט אִין דִיא קוֹילֶען, אוּנְד מִיט הַאמֶערֶען װֶערְקְט עֶר עֶס מִיט זֵיין שְׁטַארְקֶען אָרֶעם, עֶר װֶערְט אויךְ הוּנְגְרִיג אוּנְד עֶר הָאט נִיט קֵיין כּוֹחַ, עֶר טְרִינְקְט נִיט קֵיין וַאסֶער אוּנְד עֶר װֶערְט מִיד׃

13 דֶער טִישְׁלֶער צִיהְט אוֹיס דִיא מֶעסְט־שְׁנוּר, אוּנְד בֶּעצֵייכֶענְט עֶס מִיט אַ (בְּלֵייא) שְׁטִיפְט, עֶר בֶּעאַרְבֵּייט עֶס מִיט הוּבֶּעלְן, אוּנְד עֶר צֵייכֶענְט עֶס מִיט אַ צִירְקֶעל, אוּנְד מַאכְט עֶס אִין דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ מֶענְשׁ, זָאגַאר וִויא אַ שֵׁיינֶער מֶענְשׁ אִין דֶעם הוֹיז צוּ בְּלֵייבֶּען׃

14 עֶר שְׁנֵיידֶעט זִיךְ אָפּ טֶענֶען־בֵּיימֶער אוּנְד נֶעמְט אויךְ צִיפְּרֶעסֶען־בֵּיימֶער, אוּנְד עֶר מַאכְט זֵייא פַאר זִיךְ שְׁטַארְק צְווִישֶׁען דִיא בֵּיימֶער פוּן דֶעם וַואלְד, עֶר פְלַאנְצְט אַ צְווַייג אוּנְד דֶער רֶעגֶען מַאכְט זִיא וַואקְסֶען׃

15 אוּנְד עֶס װֶעט זֵיין פַאר אַ מֶענְשׁ צוּ דֶעם בְּרֶענֶען, אוּנְד עֶר נֶעמְט דֶערְפוּן זִיךְ צוּ דֶערְוַוארְמֶען, אויךְ הֵייצְט מֶען אוּנְד מֶען בַּאקְט בְּרוֹיט, עֶר מַאכְט אויךְ דֶערְפוּן אַ גָאט אוּנְד בִּיקְט זִיךְ דֶערְצוּ, עֶר מַאכְט אַ גֶעצֶען־בִּילְד אוּנְד קְנִיעֶט זִיךְ צוּ אִיהְם אַנִידֶער׃

16 אַ הֶעלְפְט דֶערְפוּן פֶערְבְּרֶענְט עֶר אִים פֵייעֶר, פוּן דֶער אַנְדֶערֶע הֶעלְפְט עֶסְט עֶר פְלֵיישׁ וָואס עֶר הָאט דַאבֵּייא גֶעבְּרָאטֶען, אוּנְד זֶעטִיגְט זִיךְ, עֶר וַוארֶעמְט זִיךְ אויךְ דֶערְבֵּייא אוּנְד זָאגְט, אַהַא! אִיךְ בִּין וַוארֶעם, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דָאס (פֵייעֶר) לִיכְט!

17 אוּנְד פוּן דֶעם אִיבְּרִיגֶען מַאכְט עֶר אַ גָאט, זֵיין גֶעצֶען־בִּילְד, עֶר קְנִיעֶט זִיךְ אַנִידֶער אוּנְד בִּיקְט זִיךְ דַאצוּ אוּנְד טְהוּט צוּ אִיהְם בֶּעטֶען, אוּנְד עֶר זָאגְט, זֵייא מִיךְ מַצִיל וָוארִין דוּא בִּיזְט מֵיין גָאט׃

18 זֵייא וֵוייסֶען נִיט, אוּנְד זֵייא פֶערְשְׁטֵייעֶן נִיט, וָוארִין זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זֶענֶען פֶערְקְלֶעבְּט אַז זֵייא קֶענֶען נִיט זֶעהֶען, אוּנְד זֵייא פֶערְשְׁטֵייעֶן נִיט מִיט זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער׃

19 אוּנְד קֵיינֶער בֶּעטְרַאכְט עֶס אִין זֵיין הַארְץ צוּ וִויסֶען אוּנְד צוּ פֶערְשְׁטֵיין, אַז עֶר זָאל זָאגֶען, דִיא הֶעלְפְט דַאפוּן הָאבּ אִיךְ פֶערְבְּרֶענְט אִים פֵייעֶר, אוּנְד אוֹיף זֵיינֶע קוֹילֶען הָאבּ אִיךְ גֶעבַּאקֶען בְּרוֹיט, אוּנְד גֶעבְּרָאטֶען פְלֵיישׁ אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעגֶעסֶען, אוּנְד זָאל אִיךְ דָאס אִיבְּרִיגֶע מַאכֶען צוּ אֵיינֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט, אוּנְד זָאל אִיךְ מִיךְ צוּ דֶעם הָאלְץ בִּיקֶען?

20 עֶר דֶערְנֶעהְרְט זִיךְ מִיט אַשׁ, אֵיין נַארִישֶׁעס הַארְץ הָאט אִיהְם פֶערְפִיהְרְט, עֶר קֶען זִיךְ נִיט מַצִיל זֵיין, אוּנְד עֶר זָאגְט אויךְ נִיט, אִיז נִיט אַ לִיגֶען אִין מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד?

21 גֶעדֶענְק דָאךְ דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען אָ יַעֲקֹב אוּנְד יִשְׂרָאֵל! וָוארִין דוּא בִּיזְט מֵיין קְנֶעכְט, אִיךְ הָאבּ דִיךְ בֶּעשַׁאפֶען, דוּא בִּיזְט מֵיין קְנֶעכְט אָ יִשְׂרָאֵל, דוּא זָאלְסְט פוּן מִיר נִיט פֶערְגֶעסֶען װֶערֶען׃



אִיךְ

22 אִיךְ הָאבּ אויסְגֶעמֶעקְט דֵיינֶע זִינְד
וִויא אַ דִיקֶען וָואלְקֶען, אוּנְד דֵיינֶע
חֲטָאִים וִויא אַ וָואלְקֶען, קֶעהְר צוּרִיק
צוּ מִיר וָוארִין אִיךְ הָאבּ דִיךְ אויסְ־
גֶעלֵייזְט :
23 זִינְגְט אִיהְר הִימֶעלְן וָוארִין גָאט
הָאט דָאס גֶעטְהוּן, שַׁאלְט דָאךְ אִיהְר
אוּנְטֶערשְׁטֶע עֶרְד ; בְּרֶעכְט אוֹיס מִיט
גֶעזַאנְג אִיהְר בֶּערְג, לָאז דֶער וַואלְד
זִינְגֶען אוּנְד אַלֶע בֵּיימֶער וָואס זֶענֶען
דַארִין, וָוארִין גָאט הָאט אויסְגֶעלֵייזְט
יַעֲקֹב, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ פֶערְהֶערְלִיכְט
אִין יִשְׂרָאֵל :
24 אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה, דֵיין אויסְלֵייזֶער,
אוּנְד וָואס הָאט דִיךְ בֶּעשַׁאפֶען אִין
מוּטֶערְלֵייבּ, אִיךְ בִּין יְהֹוָה וָואס הָאט
אַלֶעס גֶעמַאכְט, אִיךְ הָאבּ אַלֵיין דֶעם
הִימֶעל אויסְגֶעשְׁפְּרֵייט, אִיךְ הָאבּ פוּן
מִיר דִיא עֶרְד אויסְגֶעבְּרֵייט :
25 אִיךְ בִּין דֶער וָואס צוּשְׁטֶערְט דִיא
צֵייכֶען (פוּן דִיא לִיגְנֶערְס), אוּנְד אִיךְ
מַאךְ דִיא כִּשׁוּף מַאכֶערְס מְשֻׁגָע, עֶר
קֶעהְרְט דִיא חֲכָמִים הִינְטֶער זִיךְ צוּרִיק,
אוּנְד זֵייעֶרֶע וִויסֶענְשַׁאפְט מַאכְט עֶר
נַארִישׁ :
26 וָואס טְהוּט מְקַיֵּים זֵיין דִיא רֵייד
פוּן זֵיין קְנֶעכְט, אוּנְד דִיא עֵצָה פוּן
זֵיינֶע שְׁלוּחִים טְהוּט עֶר גַאנְץ מַאכֶען,
דֶער וָואס זָאגְט צוּ יְרוּשָׁלַיִם דוּא זָאלְסְט
בֶּעוָואוינְט וֶוערֶען, אוּנְד צוּ דִיא שְׁטֶעט
פוּן יְהוּדָה זֵייא זָאלֶען אויפְגֶעבּויעֶט
וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְרֶע פֶערְוִויסְטוּנְגֶען
וֶועל אִיךְ (וִוידֶער) אויפְשְׁטֶעלֶען :
27 דֶער וָואס זָאגְט צוּ דֶער טִיפֶענִים
וֶוער אויסְגֶעטְרִיקֶענְט, אוּנְד דִיא טֵייכֶען
וֶועל אִיךְ (אוֹיךְ) אויסְטְרִיקֶענֶען :
28 דֶער וָואס זָאגְט צוּ כּוֹרֶשׁ, עֶר אִיז
מֵיין פַּאסְטוּךְ, עֶר וֶועט פָאלְקָאמֶען
מַאכֶען אַלֶעס וָואס אִיךְ בֶּעגֶעהְר, אוּנְד
עֶר וֶועט זָאגֶען צוּ יְרוּשָׁלַיִם, זִיא זָאל
(וִוידֶער) אויפְגֶעבּויעֶט וֶוערֶען, אוּנְד
דָאס הֵיכָל (בֵּית הַמִּקְדָּשׁ) זָאל וִוידֶער
גֶעגְרוּנְדְפֶעסְטִיגְט וֶוערֶען :

## קאפיטעל מה

1 אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה צוּ זֵיין גֶעזַאלְבְּטֶען,
צוּ כּוֹרֶשׁ, וָואס אִיךְ דֶערְהַאלְט אִיהְם
מִיט מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, כְּדֵי פֶעלְקֶער
פַאר אִיהְם אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ מַאכֶען,
אוּנְד אִיךְ וֶועל אויפְמַאכֶען דִיא לֶענְדֶען
פוּן מְלָכִים, אוּנְד אִיךְ וֶועל פַאר אִיהְם
אויפְמַאכֶען דִיא טִירֶען, אוּנְד דִיא
טוֹיעֶרְן זָאלֶען נִיט פֶערשְׁלָאסֶען וֶוערֶען :
2 אִיךְ וֶועל פַאר דִיר גֵיין, אוּנְד אִיךְ
וֶועל דָאס קְרִימֶע גְרָאד מַאכֶען, אִיךְ
וֶועל אוֹיף שְׁטִיקֶער צֶערבְּרֶעכֶען דִיא
קוּפֶּערְנֶע טוֹיעֶרְן, אוּנְד דִיא אֵייזֶערְנֶע
רִיגֶעלְן וֶועל אִיךְ צוּהַאקֶען :
3 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען דִיא
אוֹצְרוֹת וָואס זֶענֶען אִין פִינְסְטֶערֶע
עֶרְטֶער, אוּנְד דִיא רֵייכְטִימֶער וָואס
זֶענֶען אִים פֶערְבָּארְגֶענֶעם, כְּדֵי דוּא
זָאלְסְט וִויסֶען אַז אִיךְ יְהֹוָה וָואס הָאט
דִיךְ אָנְגֶערוּפֶען בֵּייא דֵיין נָאמֶען, בִּין
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל :
4 פוּן וֶועגֶען מֵיין קְנֶעכְט יַעֲקֹב, אוּנְד
יִשְׂרָאֵל וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהְם אויסְ־
דֶערְוֵוילְט, הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶערוּפֶען
בֵּייא דֵיין נָאמֶען, אִיךְ הָאבּ דִיר אַ
צוּנָאמֶען גֶעגֶעבֶּען חָאטְשֶׁע דוּא הָאסְט
מִיךְ נִיט גֶעקֶענְט :
5 אִיךְ בִּין יְהֹוָה אוּנְד קֵיינֶער מֶעהְר,
אוּנְד חוּץ מִיר אִיז קֵיין גָאט נִיט דָא,
אִיךְ הָאבּ דִיךְ אָנְגֶעגַארְטֶעלְט חָאטְשֶׁע
דוּא הָאסְט מִיךְ נִיט גֶעקֶענְט :

6 כְּדֵי מֶען זָאל עֶס וִויסֶען פוּן מִזְרַח־זַייט אוּנְד פוּן מַעֲרָב־זַייט אַז חוּץ מִיר אִיז קֵיינֶער דָא, אִיךְ בִּין יְהוָֹה אוּנְד עֶס אִיז קֵיין אַנְדֶערֶער דָא׃

7 אִיךְ בֶּעשַׁאף דָאס לִיכְט אוּנְד אִיךְ בֶּעשַׁאף דִיא פִינְסְטֶערְנִיס, אִיךְ מַאךְ שָׁלוֹם אוּנְד בֶּעשַׁאף שְׁלֶעכְטֶעס, אִיךְ יְהוָֹה טְהוּא אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען׃

8 טְרִיפְט אִיהְר הִימֶעלְן פוּן אוֹיבֶען, אוּנְד לָאזֶען דִיא הִימֶעל־וָואלְקֶען אַרוּנְטֶער רִינֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, לָאז זִיךְ דִיא עֶרְד אוֹיפְמַאכֶען אַז עֶס זָאל הִילְפֶע אַרוֹיסְוַואקְסֶען, אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּזַאמֶען אַרוֹיסשְׁפְּרָאצֶען, אִיךְ יְהוָֹה הָאבּ עֶס בֶּעשַׁאפֶען׃

9 אוֹי וֵויא, צוּ דֶעם וָואס קְרִיגְט זִיךְ מִיט זַיין בֶּעשֶׁעפֶער! לָאז זִיךְ אַ שַׁארְבֶּען קְרִיגֶען מִיט אַ שַׁארְבֶּען פוּן דֶער עֶרְד–זָאל דֶער לֵיים זָאגֶען צוּ דֶעם טֶעפֶּער, וָואס מַאכְסְט דוּא? אָדֶער זָאל דֵיינֶע אַרְבֵּייט (זָאגֶען), עֶר הָאט נִיט קֵיינֶע הֶענְד?

10 אוֹי וֵויא, צוּ דֶעם וָואס זָאגְט צוּ זַיין פָאטֶער וָואס הָאסְט דוּא גֶעוַוינֶען, אוּנְד צוּ דֶעם וַוייבּ וָואס הָאסְט דוּא גֶעבּוֹירֶען?

11 אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה דֶער הֵיילִיגֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זַיין בֶּעשֶׁעפֶער, פְרֶעגְט מִיךְ וֶועגֶען זַאכֶען וָואס וֶועלֶען קוּמֶען אוֹיף מֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד בֶּעפֶעהְלְט מִיר וֶועגֶען דָאס וֶוערְק פוּן מֵיינֶע הֶענְד׃

12 אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט דִיא עֶרְד, אוּנְד הָאבּ דֶעם מֶענְשׁ דַארוֹיף בֶּעשַׁאפֶען, אִיךְ הָאבּ מִיט מֵיינֶע הֶענְד אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען דֶעם הִימֶעל, אוּנְד אַלֶע זַיירֶע חַיָילוֹת הָאבּ אִיךְ גֶעבָּאטֶען׃

13 אִיךְ הָאבּ אִיהְם דֶערְוֶועקְט מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד אִיךְ וֶועל גְרָאד מַאכֶען אַלֶע זַיינֶע וֶועגֶען, עֶר וֶועט בּוֹיעֶן מֵיינֶע שְׁטָאט, אוּנְד עֶר וֶועט מֵיינֶע פֶערְטְרִיבֶּענֶע אַרוֹיסְשִׁיקֶען, נִיט פַאר קוֹיפְגֶעלְד אוּנְד נִיט פַאר שֹׁחַד, זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת׃

14 אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה, דִיא אַרְבֵּייט פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד דֶער הַאנְדֶעל פוּן כּוּשׁ, אוּנְד פוּן דִיא סְבָאִים, (וָואס זֶענֶען) מֶענֶער פוּן (גְרוֹיסֶען) מָאס וֶועלֶען צוּ דִיר אַרִיבֶּערְקוּמֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען דַיין זַיין, זַייא וֶועלֶען דִיר נָאכְגֵיין, אִין קֵייטֶען וֶועלֶען זַייא אַרִיבֶּערְקוּמֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען זִיךְ צוּ דִיר בִּיקֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען צוּ דִיר בֶּעטֶען, (זַייא וֶועלֶען זָאגֶען) אַז נָאר בֵּייא דִיר אִיז גָאט, אוּנְד חוּץ דִיר אִיז נִיט דָא קֵיין גָאט׃

15 בֶּאֱמֶת דוּא בִּיזְט אַ גָאט וָואס בֶּעהַאלְטֶסְט דִיךְ, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, דֶער הֶעלְפֶער׃

16 זַייא זָאלֶען אַלֶע צוּזַאמֶען מְבוּיָשׁ אוּנְד פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען, זַייא וֶועלֶען אַרוּמְגֵיין מִיט שַׁאנְד וָואס מַאכֶען גֶעצֶענְבִּילְדֶער׃

17 יִשְׂרָאֵל וֶועט גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען דוּרךְ יְהוָֹה מִיט אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע הִילְעף, זַייא וֶועלֶען נִיט מְבוּיָשׁ אוּנְד נִיט פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען אוֹיף אִימֶער אוּנְד אֵייבִּיג׃

18 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה וָואס הָאט בֶּעשַׁאפֶען דִיא הִימֶעלְן, עֶר אִיז דֶער גָאט וָואס הָאט בֶּעשַׁאפֶען דִיא עֶרְד אוּנְד הָאט זִיא גֶעמַאכְט, עֶר הָאט זִיא אַנְגֶעבְּרֵייט, עֶר הָאט זִיא נִיט בֶּעשַׁאפֶען צוּ וִויסְטִיגְקֵייט, עֶר הָאט זִיא בֶּעשַׁאפֶען

אַז זִיא זָאל בֶּעוְואוֹינְט װֶערֶען, אִיךְ בִּין
יְהֹוָה אוּנְד קֵיינֶער נִיט מֶעהְר׃
19 אִיךְ הָאבּ נִיט גֶערֶעט אִים פֶּערְ־
בָּארְגֶענֶעם, אוּנְד נִיט אִין דֶעם אָרְט
פוּן דֶעם פִינְסְטֶערְן לַאנְד, אִיךְ הָאבּ
אוֹיךְ נִיט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם זָאמֶען פוּן
יַעֲקֹב אִיהְר זָאלְט מִיךְ אוּמְזוּסְט זוּכֶען,
אִיךְ יְהֹוָה רֶעד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אִיךְ
זָאג אָן זַאכֶען וָואס זֶענֶען רֶעכְטפַארְטִיג׃
20 פֶערְזַאמֶעלְט אֵייךְ, אוּנְד קוּמְט,
גֶענֶעהֶנְט אֵייךְ צוּזַאמֶען, אִיהְר וָואס
זֶענְט עֶנְטְרוּנֶען פוּן דִיא גוֹיִם, זֵייא
וֵוייסֶען נִיט, דִיא וָואס טְרָאגֶען אַרוּם
דָאס הָאלְץ פוּן זֵיירֶע גֶעצֶענְבִּילְדֶער
אוּנְד בֶּעטֶען צוּ אַ גָאט וָואס קֶען נִיט
הֶעלְפֶען׃
21 זָאגְט עֶס אָן, מַאךְ זֵייא גֶענֶעהֶנֶען,
לָאזֶען זֵייא זִיךְ אוֹיךְ מִיט אַנַאנְדֶער
בֶּערָאטֶען, וֶוער הָאט דָאס דָאזִיגֶע
גֶעמַאכְט הֶערֶען פוּן פְרִיהֶער אָן, וֶוער
הָאט עֶס פוּן לַאנְג אַהֶער אָנְגֶעזָאגְט,
בִּין אִיךְ נִיט יְהֹוָה, אוּנְד חוּץ מִיר אִיז
קֵיין גָאט נִיט דָא, אַ גֶערֶעכְטֶער גָאט,
אוּנְד חוּץ מִיר אִיז קֵיין הֶעלְפֶער
נִיט דָא׃
22 קֶעהְרְט אֵייךְ צוּ מִיר, אוּנְד וֶוערְט
גֶעהָאלְפֶען אַלֶע עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד,
וָוארִין אִיךְ בִּין גָאט אוּנְד חוּץ מִיר
אִיז קֵיינֶער נִיט מֶעהְר׃
23 בֵּייא מִיר הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁוָואוֹרֶען,
אַ וָוארְט אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן מֵיין
מוֹיל אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד עֶס זָאל
נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען, אַז צוּ מִיר וֶועט
זִיךְ אִיטְלִיכֶעס קְנִיא אַנִידֶער קְנִיעֶן,
אוּנְד אִיטְלִיכֶע צוּנְג שְׁוֶוערֶען׃
24 בְּאֱמֶת, וֶועט מֶען זָאגֶען, אִין יְהֹוָה
הָאבּ אִיךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד שְׁטַארְק־
הַייט, צוּ אִיהְם מוּז מֶען קוּמֶען, אוּנְד
אַלֶע וָואס הָאבֶּען זִיךְ קֶעגֶען אִיהְם
דֶערְצָארְנְט וֶועלֶען זִיךְ מוּזֶען שֶׁעהְמֶען׃
25 דוּרְךְ יְהֹוָה וֶועלֶען אַלֶע קִינְדֶער
פוּן יִשְׂרָאֵל גֶערֶעכְט וֶוערֶען, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען זִיךְ אִין אִיהְם רִיהְמֶען׃

קאפיטעל מו

1 בֵּל הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעקְנִיעט, נְבוֹ
קְרִימְט זִיךְ, זֵיירֶע אָפְּגֶעטֶער זֶענֶען
(אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט) אוֹיף חַיוֹת אוּנְד בְּהֵמוֹת,
אֵיירֶע אוֹיפְלַאדוּנְג זֶענֶען אַ מַשָׂא פַאר
אַ מִידֶע בְּהֵמָה׃
2 זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען אוּנְד
אַנִידֶערְגֶעקְנִיעט מִיט אַנַאנְדֶער, זֵייא
הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט עֶנְטְרִינֶען וֶועגֶען
דֶער מַשָׂא, אוּנְד זֵייא זֶענֶען זֶעלְבֶּער
אִין דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט גֶעגַאנְגֶען׃
3 הֶערְט מִיר צוּ, אִיהְר פוּן דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד אַלֶע אִיבֶּערְ־
גֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיהְר וָואס
זֶענְט אוֹיף מִיר אוֹיפְגֶעלָאדֶען פוּן
מוּטֶערְ׳ס בּוֹיךְ אָן, אוּנְד וָואס אִיהְר
זֶענְט גֶעטְרָאגֶען פוּן מוּטֶערְ׳ס שׁוֹיס אָן׃
4 אוּנְד בִּיז אוֹיף דִיא עֶלְטֶער בִּין אִיךְ
עֶס, אוּנְד בִּיז אוֹיף דִיא גְרֵייז־עֶלְטֶער
הָאבּ אִיךְ עֶס גֶעטְהוּן, אוּנְד אִיךְ וֶועל
עֶס טְהוּן, אוּנְד אִיךְ וֶועל (אֵייךְ) טְרָאגֶען
אוּנְד מַאכֶען עֶנְטְרִינֶען׃
5 צוּ וֶועמֶען ווִילְט אִיהְר מִיךְ פֶערְ־
גְלֵייכֶען, אוּנְד מִיךְ גְלֵייךְ מַאכֶען, אוּנְד
מִיר שְׁטֶעלֶען אַ גְלֵייכְנִיס אַז מִיר זָאלֶען
גְלֵייךְ זַיין׃
6 זֵייא שִׁיטֶען אוֹיס גֶעלְד אוֹיס דֶעם
בֵּייטֶעל, אוּנְד וֶועגֶען זִילְבֶּער אִין דִיא
וָואגְשָׁאל, זֵייא דִינְגֶען אַ גָאלְדְשְׁמִיד,
אוּנְד עֶר מַאכְט פַאר זֵייא אַ גָאט, זֵייא
פַאלֶען דֶערְפַאר אַנִידֶער אוּנְד בִּיקֶען זִיךְ׃

זייא

7 זֵייא הֵייבֶּען אִיהְם אויף דִיא אַקְסֶעל
אוּנְד טְרָאגֶען אִיהְם, אוּנְד לֵייגֶען אִיהְם
אַנִידֶער אויף זֵיין אָרְט אוּנְד עֶר בְּלֵייבְּט
שְׁטֵיין, עֶר רִיהְרְט זִיךְ נִיט אַוֶועק פוּן
זֵיין אָרְט, אויךְ וֶוען מֶען שְׁרֵייעֶט צוּ
אִיהְם אַזוֹי גִיט עֶר קֵיינֶע אַנְטְוָוארְט,
פוּן זֵיינֶע צָרָה קֶען עֶר נִיט הֶעלְפֶען:
8 גֶעדֶענְקְט דָאךְ דָאס אוּנְד שְׁטַארְקְט
אֵייךְ, אִיהְר פּוֹשְׁעִים נֶעמְט דָאךְ דָאס
צוּם הַארְץ:
9 גֶעדֶענְקְט דָאךְ דִיא עֶרְשְׁטֶע זַאכֶען
פוּן לַאנְג הֶער, וָוארִין אִיךְ בִּין גָאט,
אוּנְד עֶס אִיז קֵיין אַנְדֶערֶער גָאט דָא,
עֶס אִיז קֵיינֶער אַזוֹי וִויא אִיךְ:
10 אִיךְ זָאג אָן פוּן אָנְפַאנְג וָואס דָאס
עֶנְד וֶועט זֵיין, אוּנְד פוּן פְרִיהֶער זַאכְ־
עֶן וָואס אִיז נָאךְ נִיט גֶעמַאכְט, אִיךְ
זָאג, מֵיין עֵצָה זָאל בֶּעשְׁטֵיין, אוּנְד אִיךְ
וֶועל טְהוּן מֵיין גַאנְצֶעס פֶערְלַאנְגֶען:
11 אִיךְ רוּף אַ רוֹיבְּפוֹיגֶעל פוּן מִזְרַח־
זֵייט, פוּן וֵוייטֶען דֶעם מַאן פוּן מֵיינֶע
עֵצָה, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶערֶעדְט אַזוֹי
וֶועל אִיךְ עֶס אויךְ בְּרֶענְגֶען, אִיךְ הָאבּ
עֶס אויסְגֶעטְרַאכְט אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס
אויךְ טְהוּן:
12 הֶערְט מִיר צוּ, אִיהְר הַארְטֶע
הֶערְצֶער, וָואס אִיהְר זֶענְט וֵוייט פוּן
דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט!
13 אִיךְ הָאבּ גֶענֶעהֶנְט מֵיינֶע גֶער־
רֶעכְטִיגְקֵייט, עֶס וֶועט נִיט וֵוייט זֵיין,
אוּנְד מֵיינֶע הִילְף וֶועט זִיךְ נִיט פֶערְר־
זוֹימֶען, וָוארִין אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען אִין
צִיּוֹן אַ הִילְף פַאר יִשְׂרָאֵל מֵיינֶע
שֵׁיינְקֵייט:

קאַפּיטעל מז

1 קוּם אַראָפּ אוּנְד זֶעץ דִיךְ אויף
דֶעם שְׁטוֹיבּ, דוּא בְּתוּלָה טָאכְטֶער פוּן
בָּבֶל, זֶעץ דִיךְ אויף דֶער עֶרד, עֶס
אִיז נִיט דָא קֵיין טְרָאהְן־שְׁטוּהְל, אָ
טָאכְטֶער פוּן דִיא כַּשְׂדִים, וָוארִין דוּא
וֶועסְט נִיט מֶעהְר גֶערוּפֶען וֶוערֶען,
וַוייכֶע אוּנְד דֶעלֶעקַאטְנֶע:
2 נֶעם אַ מִיהְל אוּנְד מָאהְל מֶעהְל,
דֶעק אויף דֵיין שְׁלֵייעֶר הֵייבּ אויף דֵיין
קְלֵייד, דֶעק אויף דֵיינֶע שֶׁענְקֶעל, גֵייא
אִיבֶּער דִיא טֵייכֶען:
3 לָאז דֵיין שַׁאנְד אֶנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען,
לָאז אויךְ דֵיינֶע חֶרְפָּה גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען,
אִיךְ וֶועל מִיךְ נוֹקֵם זֵיין אוּנְד וֶועל נִיט
קוּקֶען אויף אַ מֶענְשׁ:
4 אוּנְזֶער דֶערְלֵייזֶער יְהוָֹה צְבָאוֹת אִיז
זֵיין נָאמֶען, דֶער הֵיילִיגֶער פוּן יִשְׂרָאֵל:
5 זִיץ פֶערְשְׁטוּמְט אוּנְד קוּם אִין דֶער
פִינְסְטֶערְנִיס, דוּא טָאכְטֶער פוּן דִיא
כַּשְׂדִים, וָוארִין מֶען וֶועט דִיךְ נִיט
מֶעהְר רוּפֶען דִיא הַארֶענְטֶע פוּן דִיא
קֶענִיגְרֵייכֶען:
6 אִיךְ הָאבּ גֶעצָארְנְט אִיבֶּער מֵיין
פָאלְק, אִיךְ הָאבּ פֶערְשְׁוָועכְט מֵיין
נַחֲלָה אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען
אִין דֵיינֶע הַאנְד, אָבֶּער דוּא הָאסְט
אִיבֶּער זֵייא קֵיין רַחֲמָנוּת נִיט גֶעהַאט,
אויף דֶעם אַלְטֶען הָאסְט דוּא דֵיין יָאךְ
זֶעהְר שְׁוֶוער גֶעמַאכְט:
7 אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל
אויף אֵייבִּיג זֵיין אַ הַארֶענְטֶע, אָבֶּער
דוּא הָאסְט דָאס דָאזִיגֶע נִיט צוּ
הַארְצֶען גֶענוּמֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט
אויךְ נִיט גֶעדֶענְקְט דֶעם סוֹף דֶערְפוּן:
8 אָבֶּער אַצוּנְד הֶער דָאס דָאזִיגֶע,
דוּא פֶערְגְנִיגְטֶע, וָואס דוּא וְואוֹינְסְט
אִין זִיכֶערְהֵייט, וָואס זָאגְט אִין אִיהְר
הַארְץ אִיךְ בִּין עֶס, אוּנְד חוּץ מִיר
אִיז קֵיינֶע אַנְדֶערֶע מֶעהְר דָא, אִיךְ
וועל

וָועל נִיט בְּלֵייבֶּען אֵיינֶע אַלְמָנָה, אוּנְד אִיךְ וָועל נִיט ווִיסֶען פוּן אַ פֶערְ־וואַרְפוּנְג :

9 אָבֶּער דִיא דָאזִיגֶע צְווייא זַאכֶען ווֶעלֶען צוּ דִיר קוּמֶען, אִין אַ רֶגַע אִין אֵיין טָאג, קִינְדֶער פֶערְלִירֶען אוּנְד אַלְמָנָה ווֶערֶען, זֵייא ווֶעלֶען אִיבֶּער דִיר קוּמֶען גַאנְצֶערְהֵייט, ווֶעגֶען דֵיין פִּיל כִּישׁוּף, אוּנְד ווֶעגֶען דֵיינֶע שְׁטַארְקֶע צוֹיבֶּערַייעֶן :

10 אוּנְד דוּא הָאסְט דִיךְ פֶערְלָאזְט אוֹיף דֵיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט,–קֵיינֶער זֶעהְט מִיךְ,–דֵיינֶע חָכְמָה אוּנְד דֵיינֶע ווִיסֶענְשַׁאפְט, דָאס הָאט דִיךְ פֶערְפִיהְרְט, אוּנְד (דָאךְ) הָאסְט דוּא גֶעזָאגְט אִין דֵיין הַארְץ אִיךְ בִּין עֶס, אוּנְד חוּץ מִיר אִיז קֵיינֶער נִיט מֶעהְר דָא :

11 אוּנְד אַזוֹי ווֶעט אִיבֶּער דִיר קוּמֶען אֵיין אוּנְגְלִיק אַז דוּא ווֶעסְט נִיט ווִיסֶען פוּן וַואנֶען עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶס ווֶעט אוֹיף דִיר פַאלֶען אַ בְּרֶעכֶענִים וָואס דוּא ווֶעסְט נִיט קֶענֶען אַוֶועקְטְהוּן, אוּנְד אַ פֶערְווִיסְטוּנְג ווֶעט אִיבֶּער דִיר פְּלוּצְלִינְג קוּמֶען וָואס דוּא ווֶעסְט נִיט ווִיסֶען :

12 בְּלֵייבּ דָאךְ שְׁטֵיין מִיט דֵיינֶע צוֹיבֶּערַייעֶן, אוּנְד דֵיין פִּיל כִּישׁוּף, מִיט וָואס דוּא הָאסְט דִיךְ בֶּעמִיהְט פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד אוֹיף, טָאמֶער ווֶעסְט דוּא דִיר קֶענֶען הֶעלְפֶען, טָאמֶער ווֶעסְט דוּא קֶענֶען בֵּייקוּמֶען :

13 דוּא בִּיזְט מִיד גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דִיא פִילֶע בַּעֲלֵי־עֵצוֹת, לָאזֶען זֵייא זִיךְ נָאר אַנִידֶערְשְׁטֶעלֶען אוּנְד דִיר הֶעלְפֶען, דִיא וָואס קוּקֶען אִין הִימֶעל, וָואס זֶעהֶען אָן דִיא שְׁטֶערֶען, אוּנְד וָואס מַאכֶען פְרִיהֶער בֶּעקַאנְט צוּ דִיא חֳדָשִׁים פוּן דֶעם וָואס ווֶעט אִיבֶּער דִיר קוּמֶען :

14 זֶעה, זֵייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען ווִיא שְׁטְרוֹי, דָאס פַייעֶר ווֶעט זֵייא פֶערְ־בְּרֶענֶען, זֵייא ווֶעלֶען נִיט קֶענֶען זֵייעֶר לֶעבֶּען מַצִיל זֵיין פוּן דֶער פְלַאם, עֶס ווֶעט נִיט דָא זֵיין קֵיין קוֹיל זִיךְ דֶערְמִיט צוּ וַוארְמֶען, אוּנְד קֵיין לִיכְט אַז מֶען זָאל קֶענֶען דֶערְבֵּייא זִיצֶען :

15 אַזוֹי ווֶעלֶען זֵייא צוּ דִיר זֵיין, דִיא מִיט ווֶעלְכֶע דוּא הָאסְט דִיךְ בֶּעמִיהְט– דֵיינֶע סוֹחֲרִים פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד אָן, אִיטְלִיכֶער פוּן זֵייא אִיז פֶערְאִירְט גֶעוָוארֶען, קֵיינֶער זָאל דִיר נִיט הֶעלְפֶען :

## קאפיטעל מח

1 הֶערְט דָאס דָאזִיגֶע, אִיהְר הוֹיז־גֶעזִינְד פוּן יַעֲקֹב, וָואס אִיהְר זֶענְט אָנְגֶערוּפֶען בֵּייא דֶעם נָאמֶען יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דִיא וַואסֶערְן פוּן יְהוּדָה, וָואס שְׁווֶערֶען בֵּייא דֶעם נָאמֶען פוּן יְהֹוָה אוּנְד זֵייא דֶערְמַאנֶען דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אָבֶּער נִיט מִיט אֶמֶת אוּנְד נִיט מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט :

2 וָוארִין זֵייא רוּפֶען זִיךְ אָן פוּן דֶער הֵיילִיגֶען שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא לֶעהְנֶען זִיךְ אָן אוֹיף דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל ; יְהֹוָה צְבָאוֹת אִיז זֵיין נָאמֶען :

3 דִיא עֶרְשְׁטֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ שׁוֹין פוּן לַאנְג אָנְגֶעזָאגְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אוֹיס מֵיין מוֹיל, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעמַאכְט הֶערֶען, אִיךְ הָאבּ עֶס פְּלוּצְלִינְג גֶעטְהוּן, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען :

4 ווֵייל אִיךְ ווֵייס אַז דוּא בִּיזְט הַארְט, אוּנְד דֵיין נַאקֶען אִיז ווִיא אֵיינֶע

אײזערנע אָדער, אוּנד דײן שטערן
װיא קוּפּער:
5 אַזוי הָאב איך עס דיר פוּן לַאנג
אַהער געלָאזט אָנזָאגען, אײדער עס
קוּמט אָן הָאב איך עס דיך געמַאכט
הערען, כּדי דוּא זָאלסט ניט זָאגען אַז
מײן אָפּגָאט הָאט דָאס געמַאכט אוּנד
מײן געגָאסענעס אוּנד געשניצטעס
בּילד הָאט זײא בּעפוילען:
6 דוּא הָאסט עס געהערט, זעה דָאך
דָאס אַלעס, אָבּער איהר הָאט עס ניט
געװָאלט דערצײלען, איך הָאבּ פוּן
אַצוּנד אָן דיך געמַאכט הערען נײעס,
אוּנד פערבָּארגענע זַאכען װָאס איהר
הָאט ניט געװוּסט:
7 אַצוּנד זענען זײא בּעשַאפען גע־
װָארען אָבּער ניט פוּן לַאנג אָן, אוּנד
פוּן פַאר דעם טָאג, אוּנד איהר הָאט
עס נָאך ניט געהערט, אַז דוּא זָאלסט
ניט זָאגען, זעה מיר װיסען עס:
8 דוּא הָאסט אויך ניט געהערט,
אוּנד דוּא הָאסט עס ניט געװוּסט,
אויך איז דײן אויער ניט פוּן דַאמָאלס
אָן אויפגעמַאכט געװעזען, װָארין איך
װײס אַז דוּא װעסט געװיס פעלשען,
דען דוּא בּיזט אָנגערוּפען אַ פּוֹשֵׁעַ פוּן
דײן מוּטער׳ס בּויך אָן:
9 װעגען מײן נָאמען׳ס װילען װעל
איך אויפהַאלטען מײן צָארן, אוּנד
װעגען מײן לויבּ הַאלט איך מיך אײן
קעגען דיר, כּדי איך זָאל דיך ניט
פערשנײדען:
10 זעה, איך הָאבּ דיך געלײטערט
אָבּער ניט װיא זילבּער, איך הָאבּ דיך
אויסדערװײלט אין אײן טעסט פוּן
אָרעמקײט:
11 פוּן מײנעטװעגען—יָא פוּן מײנעטװעגען װעל איך עס טהוּן, װָארין װיא
זָאל מען (מײן נָאמען) מְחַלֵּל זײן?
אוּנד מײן כָּבוֹד װיל איך ניט צוּ קײן
אַנדערן געבּען:
12 הער מיר צוּ, אָ יַעֲקֹב, אוּנד
יִשְׂרָאֵל מײן בּערוּפענער, איך בּין עס,
איך בּין דער ערשטער אוּנד אויך
דער לעצטער:
13 אויך הָאט מײנע הַאנד געגרינדעט
דיא ערד, אוּנד מײנע רעכטע הַאנד
הָאט אויסגעבּרײט דעם הימעל, װען
איך הָאבּ זײא גערוּפען אַזוי הָאבּען
זײא זיך צוּזַאמען אַנידערגעשטעלט:
14 זַאמעלט אײך אַלע אײן אוּנד
הערט עס, װער פוּן זײא הָאט דָאס
דָאזיגע אָנגעזָאגט? (דעם װָאס) יְהֹוָה
הָאט איהם געליבּט, װעט טהוּן זײן
װילען אין בָּבֶל, אוּנד זײן אָרעם (װעט
זײן) אַן כַּשְׂדִּים:
15 איך—יָא איך הָאבּ גערעט, איך
הָאבּ איהם אויך גערוּפען, איך הָאבּ
איהם אַהער געבּרַאכט, אוּנד ער װעט
זײן װעג בּעגליקען:
16 גענעהנט אַהער צוּ מיר, אוּנד
הערט דָאס דָאזיגע, איך הָאבּ עס ניט
פוּן אָנפַאנג אים פערבָּארגענעם גע־
רעט, פוּן דער צײט אָן װען עס איז
געװעזען, בּין איך דָארטען, אוּנד
אַצוּנד הָאט מיך דער הַאר, יְהֹוָה אוּנד
זײן רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ געשיקט:
17 אַזוי זָאגט יְהֹוָה, דײן אויסלײזער,
דער הײליגער פוּן יִשְׂרָאֵל, איך בּין
יְהֹוָה דײן גָאט װָאס לערנט דיך דיר
ניצליך צוּ זײן, װָאס פיהרט דיך אויף
דעם װעג װָאס דוּא זָאלסט גײן:
18 הַלְוַאי העסט דוּא געהָארכט צוּ
(פערנעמען) מײנע מִצְוֹת! אַזוי װָאלט

דֵיין שָׁלוֹם גֶעוָועזֶען וִויא אַ טֵייךְ, אוּנְד
דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אַזוֹי וִויא דִיא
אִינְדֶען פוּן דֶעם יַם:
19 אוּנְד דֵיין זָאמֶען וָואלְט גֶעוָועזֶען
אַזוֹי פִּיל וִויא זַאמְד, אוּנְד (דִיא קִינְדֶער)
וָואס קוּמֶען אַרוֹיס פוּן דֵיינֶע גֶעדֶערְם
אַזוֹי וִויא זַאמְד־קֶערְנְלֶעךְ, זֵיין נָאמֶען
זָאל נִיט פֶערשְׁנִיטֶען אוּנְד נִיט פֶערְ־
טִילְגְט וֶוערֶען פוּן פַאר מִיר:
20 גֵייט אַרוֹיס אוֹיס בָּבֶל, עֶנְטְלוֹיפְט
פוּן דִיא כַּשְׂדִים מִיט אַ קוֹל פוּן גֶעזַאנְג,
זָאגְט עֶס אָן אוּנְד מַאכְט דָאס דָאזִיגֶע
הֶערֶען, מַאכְט עֶס בֶּעקַאנְט בִּיז צוּ
דֶעם עֶק וֶועלְט, זָאגְט אַז גָאט הָאט
אוֹיסְגֶעלֵייזְט זֵיין קְנֶעכְט יַעֲקֹב:
21 אוּנְד זֵייא זֶענֶען נִיט דָארְשְׁטִיג
גֶעוָועזֶען וֶוען עֶר הָאט זֵייא גֶעפִיהְרְט
דוּרְךְ דִיא וִויסְטֶענֵייא, עֶר הָאט גֶעמַאכְט
דָאס וַאסֶער זָאל צוּ זֵייא רִינֶען פוּן אַ
פֶעלְזֶען, עֶר הָאט גֶעשְׁפָּאלְטֶען דֶעם
פֶעלְזֶען אוּנְד דָאס וַאסֶער הָאט
גֶערִינֶען:
22 גָאט הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נִיט
קֵיין שָׁלוֹם צוּ דִיא רְשָׁעִים:

קאפיטעל מט

1 הֶערְט מִיר צוּ, אִיהְר אִינְזֶעלְן, אוּנְד
פֶערְנֶעמְט עֶס אִיהְר פֶעלְקֶער פוּן
וֵויטֶען, יְהֹוָה הָאט מִיךְ גֶערוּפֶען פוּן
דֶעם בּוֹיךְ, פוּן מֵיינֶע מוּטֶערְ'ס גֶעדֶערְם
אָן הָאט עֶר דֶערְמַאנְט מֵיין נָאמֶען:
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט מֵיין מוֹיל
וִויא אַ שַׁארְפֶעס שְׁוֶוערְד, עֶר הָאט
מִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אִין דֶעם שָׁאטֶען פוּן
זֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶע־
מַאכְט צוּ אַ בְּלַאנְקֶען פֵייל, אִין זֵיינֶע
פֵייל שֵׁייד הָאט עֶר מִיךְ פֶערְבָּארְגֶען:
3 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
דוּא בִּיזְט מֵיין קְנֶעכְט, אָ יִשְׂרָאֵל, אִין
דִיר וִויל אִיךְ פֶערְהֶערְלִיכְט וֶוערֶען:
4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ
מִיךְ אוּמְזוּסְט בֶּעמִיהְט, אוּנְד פַאר
גָארְנִיט הָאבּ אִיךְ מֵיין כּוֹחַ פֶערְלֶענְט,
בְּאֶמֶת מֵיין מִשְׁפָּט אִיז מִיט יְהֹוָה, אוּנְד
מֵיין וֶוערְק מִיט מֵיין גָאט:
5 אָבֶּער אַצוּנְד הָאט גָאט גֶעזָאגְט,
דֶער וָואס הָאט מִיךְ בֶּעשַׁאפֶען פוּן
מֵיין מוּטֶערְ'ס בּוֹיךְ, צוּ זֵיין צוּ אִיהְם
אַ קְנֶעכְט, כְּדֵי יַעֲקֹב צוּ אִיהְם אוּמְ־
צוּקֶעהְרֶען אוּנְד אַז יִשְׂרָאֵל זָאל צוּ
אִיהְם אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶוערֶען, אוּנְד
אִיךְ וֶועל גֶעעֶהְרְט וֶוערֶען אִין דִיא
אוֹיגֶען פוּן יְהֹוָה, אוּנְד מֵיין גָאט וֶועט
זֵיין מֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט:
6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז אַ
גְרִינְגֶע זַאךְ דָאס דוּא זָאלְסְט זֵיין מֵיין
קְנֶעכְט אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען דִיא שְׁבָטִים פוּן
יַעֲקֹב אוּנְד דִיא גֶעהִיטֶע (פוּן גָלוּת)
יִשְׂרָאֵל צוּרִיקְצוּבְּרֶענְגֶען, אִיךְ וֶועל דִיךְ
אוֹיךְ גֶעבֶּען פַאר אַ לִיכְט צוּ דִיא
גּוֹיִם, אַז דוּא זָאלְסְט זֵיין מֵיינֶע הִילְף
בִּיז צוּ דֶעם עֶק פוּן דֶער וֶועלְט:
7 אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה, דֶער אוֹיסְלֵייזֶער
פוּן יִשְׂרָאֵל, זֵיין הֵיילִיגֶער, צוּ דֶעם
וָואס אִיז פֶערַאכְטֶעט אִין זֵיין נֶפֶשׁ,
וָואס וֶוערְט אוּמְוִוירְדִיג גֶעהַאלְטֶען פוּן
דֶעם פָאלְק, צוּ אַ קְנֶעכְט פוּן גֶע־
וֶועלְטִיגֶערְם, מְלָכִים וֶועלֶען עֶס זֶעהֶען
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין, הַארֶען
וֶועלֶען זִיךְ בִּיקֶען, פוּן וֶועגֶען יְהֹוָה
וָואס אִיז בֶּעגְלֵייבְּט, אוּנְד פוּן וֶועגֶען
דֶעם הֵיילִיגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר
וֶועט דִיךְ אוֹיסְדֶערְוֵוילֶען:
8 אַזוֹי זָאגְט גָאט, אִין אַ בֶּעוִוילִיגְטֶע
צֵייט הָאבּ אִיךְ דִיךְ דֶערְהֶערְט, אוּנְד

אין דעם טאג פון הילפע טהוא איך
דיר העלפען, אונד איך װעל דיך
היטען, אונד איך װעל דיך געבען
פאר א ברית צו דעם פאלק, אז דוא
זאלסט אויפריכטען דאס לאנד, אז
דוא זאלסט זייא מאכען ירשנען די
װיסטע נחלות:
9 צו זאגען צו די געבונדענע, גייט
ארויס, צו די װאס זענען אין דער
פינסטערניס װערט ענטפלעקט, אויף
די װעגען װעלען זייא זיך פאשען
(װיידען), אונד אויף אלע הויכע ערטער
װעט זיין זייערע פאשע (װיידע):
10 זייא װעלען ניט הונגערן, אונד
זייא װעלען ניט דארשטען, אונד די
היץ אונד די זון װעט זייא ניט
שלאגען, װארין זייער דערבארמער
װעט זייא פיהרען, אונד ביי די
קװאל װאסערן װעט ער זייא פיהרען:
11 אונד איך װעל מאכען אלע מיינע
בערג צו איין װעג, אונד מיינע שטעגען
װעלען דערהויבט װערען:
12 זעה, דיזע װעלען קומען פון
װייטען, אונד זעה, יענע פון צפון־זייט
אונד פון מערב־זייט, אונד יענע פון
דעם לאנד סינים:
13 זינגט איהר הימעל, אונד פרייע
דיך א ערד, לאזען די בערג אויס־
ברעכען מיט א געזאנג, װארין יהוה
האט געטרייסט זיין פאלק, אונד איבער
זיינע ארעמע טהוט ער זיך מרחם
זיין:
14 אבער ציון האט געזאגט,—יהוה
האט מיך פערלאזען, אונד מיין האר
האט מיך פערגעסען:
15 קען דען איין װייב פערגעסען
איהר יונג קינד אז זיא זאל זיך ניט
דערבארמען איבער דעם זוהן פון
איהר בויך? װען די דאזיגע װעט
אפילו פערגעסען, אזוי װעל איך דיך
ניט פערגעסען:
16 זעה, איך האב דיך אויסגעקריצט
אויף מיינע הענד, דיינע מויערן זענען
תמיד פאר מיר:
17 דיינע קינדער איילען זיך, דיינע
צושטערערס אונד די װאס פערװיסטען
דיך װעלען פון דיר ארויסגיין:
18 הייב אויף דיינע אויגען ארינגס
ארום אונד זעה, אלע פערזאמלען זיך
אונד קומען צו דיר, אזוי װיא איך
לעב זאגט יהוה, דוא װעסט דיך
געװיס אנקליידען מיט אלע װיא מיט
א צירונג, אונד זייא אנבינדען אזוי
װיא א כלה טהוט:
19 דען דיינע חרבות, אונד דיינע
װיסטע ערטער, אונד דיין צושטערטעס
לאנד װעט אצונד צו ענג זיין פון
װעגען די בעװאוינער, אונד דיינע
פערשלינגער װעלען זיך דערװייטערן:
20 דיינע פערלוירענע קינדער װעלען
נאך זאגען אין דיינע אויערען, דער
ארט איז פאר מיר צו ענג, ריק דיך
אװעק אז איך זאל קענען װאוינען:
21 אונד דוא װעסט זאגען אין דיין
הארץ, װער האט מיר די דאזיגע
געװינען? װארין איך בין דאך גע־
װעזען קינדערלויז אונד אליין, פער־
טריבען אונד אװעקגעקעהרט, אבער
װער האט די דאזיגע אויפגעצויגען?
זעה, איך בין אליין איבערגעבליבען,
אװאו זענען די דאזיגע געװעזען?
22 אזוי זאגט דער האר יהוה, זעה
איך װעל אויפהייבען מיינע האנד צו
די גוים, אונד צו די פעלקער װעל

איך

אִיךְ אוֹיפְהֵייבֶּען מֵיין פָאהְן, אוּנְד
זֵייא וָועלֶען בְּרֶענְגֶען דֵיינֶע זִיהְן אִין
זֵייעֶרֶע אָרֶעמֶעס אוּנְד דֵיינֶע טֶעכְטֶער
וָועלֶען זֵייא טְרָאגֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע
אַקְסֶעלְן ׃
23 אוּנְד מְלָכִים וָועלֶען זֵיין דֵיינֶע
עֶרְצִיהֶערְס, אוּנְד זֵייעֶרֶע פְּרִינְצֶעסִינְס
וָועלֶען זֵיין זֵייעֶרֶע אַנְזֵייגֶערְס, מִיט זֵייעֶר
פָּנִים וָועלֶען זֵייא זִיךְ בִּיקֶען בִּיז צוּ
דֶער עֶרְד, אוּנְד זֵייא וָועלֶען לֶעקֶען
דֶעם שְׁטוֹיב פוּן דֵיינֶע פִּיס, אוּנְד דוּא
וֶועסְט וִויסֶען דָאס אִיךְ בִּין יְהֹוָה, אוּנְד
דָאס דִיא וָואס הָאפֶען אוֹיף מִיר וָועלֶען
נִיט פֶערְשֶׁעמְט וָוערֶען ׃
24 קֶען דֶען פוּן דֶעם שְׁטַארְקֶען דֶער
רוֹיב אַוֶועקְגֶענוּמֶען וָוערֶען ? אָדֶער
קֶען מֶען דָאס גֶעפַאנְגֶענֶע פוּן דֶעם
גֶערֶעכְטֶען מַצִיל זַיין ?
25 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה, יָא דָאס
גֶעפַאנְגֶענֶע פוּן דֶעם שְׁטַארְקֶען זָאל
אַוֶועקְגֶענוּמֶען וָוערֶען, אוּנְד דָאס גֶע־
רוֹיבְּטֶע פוּן דֶעם שְׁטַארְקֶען זָאל נִיצוֹל
וָוערֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ קְרִיגֶען
מִיט דֵיינֶע קְרִיגֶערְס, אוּנְד אִיךְ וֶועל
הֶעלְפֶען דֵיינֶע קִינְדֶער ׃
26 אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען אַז דֵיינֶע
פֵּיינִיגֶערְס זָאלֶען עֶסֶען זֵייעֶר אֵייגֶען
פְלֵיישׁ, אוּנְד זֵייא וָועלֶען זִיךְ אָנְשִׁיכֶּערְן
מִיט זֵייעֶר בְּלוּט, אוּנְד אַלֶע מֶענְשֶׁען
וָועלֶען וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה, דֵיין
הֶעלְפֶער, אוּנְד דֵיין דֶערְלֵייזֶער, דֶער
שְׁטַארְקֶער (גָאט) פוּן יַעֲקֹב ׃

## קאפיטעל נ

1 אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה, אַוְואוּ אִיז דֶער
גֶט פוּן אֵיירֶע מוּטֶער, וָואס אִיךְ הָאבּ
זִיא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט ? אָדֶער וֶוער זֶענֶען
מֵיינֶע עֶנְטְלֵייעֶרְס צוּ וָועלְכֶע אִיךְ
הָאבּ אֵייךְ פֶערְקוֹיפְט ? זֶעהְט, אִיהְר
זֶענְט וָועגֶען אֵיירֶע זִינְד פֶערְקוֹיפְט
גֶעוָוארֶען, אוּנְד וָועגֶען אֵיירֶע פְּשָׁעִים
אִיז אֵיירֶע מוּטֶער אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט גֶע־
וָוארֶען ׃
2 פַאר וָואס, וֶוען אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען
אִיז קֵיין מֶענְשׁ נִיט דָא גֶעוֶועזֶען ? וֶוען
אִיךְ הָאבּ גֶערוּפֶען אוּנְד קֵיינֶער הָאט
נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט ? אִיז דֶען מֵיינֶע
הַאנְד צוּ קָארְץ אַז זִיא קֶען נִיט אוֹיסְ־
לֵייזֶען, אָדֶער הָאבּ אִיךְ דֶען נִיט קֵיין
כּוֹחַ מַצִיל צוּ זַיין ? זֶעה, מִיט מֵיין
גֶעשְׁרֵייא הָאבּ אִיךְ דָאס יַם אוֹיסְ־
גֶעטְרִיקֶענְט, אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט דִיא
טֵייכֶען צוּ אַ מִדְבָּר, זֵייעֶרֶע פִישׁ וָוערֶען
פֶערשְׁטוּנְקֶען וַוייל עֶס אִיז נִיט דָא
קֵיין וַואסֶער, אוּנְד זֵייא שְׁטַארְבֶּען פַאר
דָארְשְׁט ׃
3 אִיךְ בֶּעקְלֵייד דִיא הִימֶעלְן מִיט
שְׁווַארְצְקַייט, אוּנְד אִיךְ מַאךְ אַלְס
זֵייעֶר דֶעק אַ זַאק ׃
4 דֶער הַאר יְהֹוָה הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען
אַ לָשׁוֹן פוּן דִיא גֶעלֶערְנְטֶע, כְּדֵי צוּ
וִויסֶען צוּ צֵייטֶען אַ וָוארְט צוּ דֶעם
מִידֶען צוּ רֶעדֶען, עֶר דֶערְוֶועקְט מֵיין
אוֹיעֶר אִיטְלִיכֶען פְרִיהמָארְגֶען צוּ הֶערֶען
אַזוֹי וִויא דִיא לֶערְנֶערְס ׃
5 דֶער הַאר יְהֹוָה הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט
מֵיין אוֹיעֶר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ נִיט
וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ
נִיט צוּרִיקְגֶעצוֹיגֶען ׃
6 אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען מֵיין רִיקֶען צוּ
דִיא שְׁלָאגֶערְס, אוּנְד מֵיינֶע בַּאקֶען צוּ
דִיא וָואס רֵייסֶען אוֹיס דֶעם בָּארְט,
מֵיין פָּנִים הָאבּ אִיךְ נִיט בֶּעהַאלְטֶען
פוּן שַׁאנְד אוּנְד אָנְשְׁפֵּייעֶן ׃
7 אָבֶער דֶער הַאר יְהֹוָה וֶועט מִיר

העלפען

הָעלְפֶען דַארוּם בִּין אִיךְ נִיט פֶערְשֶׁעמְט
גֶעוָוארֶען, דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ גֶעמַאכְט
מַיין פָּנִים וִויא אַ שְׁטַארְקֶען שְׁטֵיין,
אוּנְד אִיךְ וֵויים אַז אִיךְ וֶועל נִיט
פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען׃
8 מַיין גֶערֶעכְטמַאכֶער אִיז נָאהֶענְט,
וֶוער וִויל זִיךְ מִיט מִיר קְרִיגֶען? לָאמֶער
זִיךְ מִיט אַנַאנְדֶער שְׁטֶעלֶען, וֶוער עֶס
וִויל קוּמֶען מִיט מִיר אִין דֶעם מִשְׁפָּט
זָאל צוּ מִיר גֶענֶעהֶנֶען׃
9 זֶעה, דֶער הַאר גָאט וֶועט מִיר
הָעלְפֶען, וֶוער אִיז דֶער וָואס זָאל מִיךְ
בֶּעשׁוּלְדִיגֶען? זֶעה, זֵייא וֶועלֶען אַלֶע
וִויא אַ קְלֵייד פֶערְפוֹילְט וֶוערֶען, דִיא
מָאט (אַ וָוארְם) וֶועט זֵייא פְרֶעסֶען׃
10 וֶוער אִיז צְוִוישֶׁען אֵייךְ וָואס
הָאבֶּען מוֹרָא פַאר גָאט, וָואס הֶערְט
צוּ דֶעם קוֹל פוּן זַיין (גָאט'ס) קְנֶעכְט,
וָואס גֵייט אַרוּם אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס
אוּנְד קֵיין לִיכְט שַׁיינְט נִיט צוּ אִיהְם,
לָאז עֶר זִיךְ פֶערְזִיכֶערְן אִין דֶעם נָאמֶען
פוּן גָאט, אוּנְד לָאז עֶר זִיךְ אָנְלֶעהְנֶען
אָן זַיין גָאט׃
11 זֶעהְט, אִיהְר אַלֶע וָואס צִינְדֶעט
אָן אַ פַייעֶר, וָואס אִיהְר רִינְגֶעלְט
אֵייךְ אַרוּם מִיט פוּנְקֶען,—גֵייט דָאךְ
אִין דֶעם לִיכְט פוּן אֵייעֶר פַייעֶר, אוּנְד
אִין דִיא פוּנְקֶען וָואס אִיהְר הָאט
אָנְגֶעצִינְדֶען, פוּן מֵיינֶע הַאנְד אִיז דָאס
גֶעשֶׁעהֶען צוּ אֵייךְ, אִיהְר וֶועט אֵייךְ
אַנִידֶערְלֵייגֶען אִין טְרוֹירִיגְקֵייט׃

קאפיטעל נא

1 הֶערְט צוּ מִיר, אִיהְר וָואס יָאגְט
נָאךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, וָואס אִיהְר זוּכְט
גָאט, קוּקְט צוּ דֶעם פֶעלְזֶענְשְׁטֵיין פוּן
וָועלְכֶען אִיהְר זֶענְט אוֹיסְגֶעהַאקְט גֶע־
וָוארֶען, אוּנְד צוּ דֶעם לָאךְ פוּן דֶער
גְרוּבּ פוּן וָואוּ אִיהְר זֶענְט אוֹיסְגֶעגְרָאבֶּען
גֶעוָוארֶען׃
2 קוּקְט צוּ אַבְרָהָם אֵייעֶר פָאטֶער,
אוּנְד צוּ שָׂרָה וָואס הָאט אֵייךְ גֶעוִוינֶען,
וָוארִין אִיךְ הָאבּ אִיהְם אֵיינֶעם אַלֵיין גֶע־
רוּפֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעמֶעהְרְט׃
3 וָוארִין גָאט וֶועט טְרֵייסְטֶען צִיוֹן,
עֶר וֶועט טְרֵייסְטֶען אַלֶע אִיהְרֶע חָרְבוֹת,
עֶר וֶועט מַאכֶען אִיהְרֶע מִדְבָּר אַזוֹי
וִויא דֶעם עֵדֶן, אוּנְד אִיהְרֶע וִויסְטֶע
עֶרְטֶער אַזוֹי וִויא דֶעם גָארְטֶען פוּן
יְהֹוָה; פְרֵייד אוּנְד שִׂמְחָה וֶועט אִין
אִיהְר גֶעפוּנֶען וֶוערֶען, לוֹיבּ אוּנְד אַ
קוֹל פוּן גֶעזַאנְג׃
4 הֶערְט צוּ צוּ מִיר, אָ מֵיין פָאלְק,
אוּנְד נֵייגְט אֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען צוּ מִיר אָ
מֵיינֶע אוּמָה, וָוארִין אַ תּוֹרָה אִיז פוּן
מִיר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד מֵיין מִשְׁפָּט
וֶועל אִיךְ מַאכֶען רוּהֶען פַאר אַ לִיכְט
צוּ דִיא פֶעלְקֶער׃
5 מֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז נָאהֶענְט,
מֵיינֶע הִילְף אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
מֵיינֶע אָרֶעמְס וֶועלֶען שְׁטְרָאפֶען דִיא
פֶעלְקֶער, צוּ מִיר וֶועלֶען דִיא אִינְזֶעלְן
(פֶעלְקֶער) הָאפֶען, אוּנְד אוֹיף מֵיין
אָרֶעם וֶועלֶען זֵייא הָאפֶען׃
6 הֵייבְּט אוֹיף אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען צוּ דֶעם
הִימֶעל, אוּנְד קוּקְט אוֹיף דֶער עֶרְד פוּן
אוּנְטֶען, וָוארִין דִיא הִימֶעלְן וֶועלֶען
פֶערְגֵיין אַזוֹי וִויא אַ רוֹיךְ, אוּנְד דִיא
עֶרְד וֶועט פֶערְפוֹילְט וֶוערֶען אַזוֹי וִויא
אַ קְלֵייד, אוּנְד אִיהְרֶע בֶּעוְואוֹינֶער
וֶועלֶען אוֹיךְ גְלֵייךְ אַזוֹי שְׁטַארְבֶּען,
אָבֶּער מֵיינֶע הִילְף וֶועט זַיין אוֹיף
אֵייבִּיג, אוּנְד מֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
וֶועט נִיט אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען׃

7 הֶערְט צוּ מִיר, אִיהְר וָואס קֶענְט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אַ פָאלְק אִין וֶועלְכֶענְס הַארְץ אִיז מֵיינֶע תּוֹרָה, אִיהְר זָאלְט נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען פַאר דִיא חֶרְפָּה פוּן (גֶעמֵיינֶע) מֶענְשֶׁען, אוּנְד שְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט פַאר זֵייעֶרֶע לֶעסְטֶערוּנְגֶען:

8 וָוארִין אַזוֹי וִויא אַ קְלֵייד וֶועט זֵייא דֶער וָואוּרְם אוֹיפְפְרֶעסֶען, אוּנְד אַזוֹי וִויא וָואל וֶועט זֵייא דִיא מִילְבּ פְרֶעסֶען; אָבֶּער מֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וֶועט זֵיין אוֹיף אֵייבִּיג, אוּנְד מֵיינֶע הִילְף צוּ דוֹר דוֹרוֹת:

9 דֶערְוֶועק דִיךְ! דֶערְוֶועק דִיךְ! קְלֵייד דִיךְ אָן מִיט מַאכְט, אָ אָרֶעם פוּן יְהוָה, דֶערְוֶועק דִיךְ אַזוֹי וִויא אִין פְרִיהֶערִיגֶע טֶעג, אַזוֹי וִויא אִין דִיא פֶערְצַייטִיגֶע דוֹרוֹת, בִּיזְט דוּא נִיט דֶער וָואס הָאט צוּהַאקְט רַהַב, אוּנְד פֶערְוָואוּנְדֶעט דִיא דְרַאכֶען־שְׁלַאנְג?

10 בִּיזְט דוּא נִיט דֶער וָואס הָאט אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְט דָאס יַם, דִיא וַואסֶער פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען אָפְּגְרוּנְד? וָואס הָאט גֶעמַאכְט אִין דֶעם טִיפְסְטֶען יַם אַ וֶועג פַאר דִיא אוֹיסְדֶערְלֵייזְטֶע דוּרְכְצוּגֵיין?

11 דְרוּם וֶועלֶען דִיא אוֹיסְדֶערְלֵייזְטֶע פוּן יְהוָה זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען קוּמֶען נָאךְ צִיוֹן מִיט גֶעזַאנְג, אוּנְד אֵייבִּיגֶע פְרֵייד וֶועט זֵיין אוֹיף זֵייעֶר קָאפּ, פְרֵייד אוּנְד שִׂמְחָה וֶועט זֵייא דֶערְגְרֵייכֶען אוּנְד טְרוֹירִיגְקֵייט אוּנְד זִיפְצֶען וֶועלֶען פוּן זֵייא אֶנְטְלוֹיפֶען:

12 אִיךְ בִּין עֶס, אִיךְ בִּין דֶער וָואס טְרֵייסְטֶעט אֵייךְ, וֶוער בִּיזְט דוּא, אַז דוּא זָאלְסְט מוֹרָא הָאבֶּען פַאר אַ מֶענְשׁ וָואס טְהוּט שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד פַאר דֶעם מֶענְשֶׁען־זוּהְן וָואס וֶוערְט גֶעמַאכְט אַזוֹי וִויא גְרָאז:

13 אוּנְד דוּא הָאסְט פֶערְגֶעסֶען יְהוָה דַיין בֶּעשֶׁעפֶּער, וָואס הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט דִיא הִימֶעלְן, אוּנְד הָאט גֶעגְרוּנְדְפֶעסְטִיגְט דִיא עֶרְד, אוּנְד דוּא שְׁרֶעקְסְט דִיךְ תָּמִיד דֶעם גַאנְצֶען טָאג פַאר דֶעם צָארְן פוּן דֶעם בֶּעדְרִיקֶער, אַז עֶר בֶּערֵייט זִיךְ אָן צוּ פֶערְדַארְבֶּען, אוּנְד וְואוּ אִיז דֶער גְרִימְצָארְן פוּן דֶעם וָואס עֶנְגְט דִיךְ?

14 דֶער וָואס אִיז נָא וְנָד אֵיילְט זִיךְ אַז עֶס זָאל אִיהְם אוֹיפְגֶעמַאכְט וֶוערֶען, אוּנְד אַז עֶר זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען אוּנְד פֶערְדַארְבֶּען, אוּנְד אַז עֶס זָאל אִיהְם אוֹיךְ נִיט פֶעהְלֶען זֵיין בְּרוֹיט:

15 אָבֶּער אִיךְ בִּין יְהוָה דֵיין גָאט, וָואס שְׁטִילְט דָאס יַם וֶוען זֵיינֶע אִינְדֶען הָאבֶּען גֶעבְּרוּמְט (אָדֶער גֶעשְׁטוּרְמְט) יְהוָה צְבָאוֹת אִיז זֵיין נָאמֶען:

16 אוּנְד אִיךְ טְהוּא מֵיינֶע רֵייד אִין דֵיין מוֹיל, אוּנְד מִיט דֶעם שָׁאטֶען פוּן מֵיינֶע הַאנְד הָאבּ אִיךְ דִיךְ בֶּעדֶעקְט, כְּדֵי צוּ פְלַאנְצֶען דֶעם הִימֶעל, אוּנְד צוּ גְרוּנְדֶען דִיא עֶרְד, אוּנְד צוּ זָאגֶען צוּ צִיוֹן דוּא בִּיזְט מֵיין פָאלְק:

17 דֶערְוֶועק דִיךְ! דֶערְוֶועק דִיךְ! שְׁטֵייא אוֹיף, אָ יְרוּשָׁלַיִם, וָואס דוּא הָאסְט גֶעטְרוּנְקֶען פוּן גָאט'ס הַאנְד דֶעם כּוֹס פוּן זֵיין צָארְן, דוּא הָאסְט גֶעטְרוּנְקֶען דִיא הֵייוֶוען פוּן דֶעם פֶערְטִימְלוּנְגְס בֶּעכֶער, אוּנְד הָאסְט אִיהְם אוֹיסְגֶעזוֹיגֶען:

18 עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט דָא פוּן אַלֶע אִיהְרֶע קִינְדֶער וָואס זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען וָואס פִיהְרְט זִיא, אוּנְד קֵיינֶער הָאט זִיא בֵּייא דֶער הַאנְד פוּן אַלֶע אִיהְרֶע קִינְדֶער וָואס זִיא הָאט דֶערְצוֹיגֶען:

דיא

19 דִיא צְוֵויא זַאכֶען הָאבֶּען דִיךְ
בֶּעגֶעגְנֶעט, וֶוער זָאל דִיךְ בֶּעדוֹיעֶרְן ?
דִיא צוּשְׁטֶערוּנְג אוּנְד דֶער בְּרָאךְ,
אוּנְד דֶער הוּנְגֶער אוּנְד דָאס שְׁוֶוערְט,
דוּרְךְ וֶועמֶען זָאל אִיךְ דִיךְ טְרֵייסְטֶען ?
20 דֵיינֶע קִינְדֶער זֶענֶען אִין חַלָשׁוּת
גֶעבְּלִיבֶּען, זֵייא לִיגֶען אַן דֶער שְׁפִּיץ
פוּן אַלֶע גַאסֶען, אַזוֹי וִויא אַ ווילְדֶער
אָקְס אִין אַ נֶעץ, אָנְגֶעפִּילְט מִיט דֶעם
צָארְן פוּן יְהוָֹה, מִיט דֶעם אָנְשְׁרֵייעֶן
פוּן דֵיין גָאט :
21 דְרוּם הֶער דָאךְ דָאס דָאזִיגֶע,
דוּא אָרֶעמֶע, אוּנְד אָנְגֶעשִׁיכּוֹרְטֶע,
אָבֶּער נִיט פוּן וויין :
22 אַזוֹי זָאגְט דֵיין הַאר, יְהוָֹה, אוּנְד
דֵיין גָאט וָואס קְרִיגְט זִיךְ וֶועגֶען זֵיין
פָאלְק, זֶעה אִיךְ הָאבּ אַוֶועקְגֶענוּמֶען
דֶעם בֶּעכֶער פוּן פֶערְטִימְלוּנְג אוֹיס
דֵיינֶע הַאנְד, דוּא וֶועסְט נִיט מֶעהְר
טְרִינְקֶען דִיא הֵייוֶוען אוֹיס דֶעם בֶּעכֶער
פוּן מֵיין צָארְן :
23 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם טְהוּן (גֶעבֶּען)
אִין דִיא הַאנְד פוּן דֵיינֶע פֵיינְדִיגֶערְס,
וָואס הָאבֶּען צוּ דִיר גֶעזָאגְט, בֵּייג
דִיךְ אַרוּפּ אוּנְד מִיר וֶועלֶען אַרִיבֶּערְ־
גֵיין, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעמַאכְט דֵיין
גוּף אַזוֹי וִויא דִיא עֶרְד, אוּנְד וִויא דִיא
גַאס צוּ דִיא אִיבֶּערְגֵייעֶרְס :

קאפיטעל נב

1 דֶערְוֶועק דִיךְ ! דֶערְוֶועק דִיךְ ! קְלֵייד
דִיךְ אָן מִיט שְׁטַארְקְהֵייט, אָ צִיוֹן !
קְלֵייד דִיךְ אָן מִיט דֵיינֶע שֵׁיינֶע
קְלֵיידֶער, אָ יְרוּשָׁלַיִם, דוּא הֵיילִיגֶע
שְׁטָאט, וָוארִין עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר צוּ
דִיר אַרֵיינְקוּמֶען קֵיין עָרֵל אוּנְד קֵיין
טָמֵא :
2 שָׁאקֶעל דִיךְ אָפּ פוּן דִיא אַשׁ,
שְׁטֵייא אוֹיף, זֶעץ דִיךְ אַנִידֶער אָ
יְרוּשָׁלַיִם ! בִּינְד אוֹיף דִיא שְׁטְרִיק פוּן
דֵיין הַאלְז, דוּא גֶעפַאנְגֶענֶע טָאכְטֶער
פוּן צִיוֹן :
3 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה, אִיהְר זֶענְט
בְּחִנָם פֶערְקוֹיפְט גֶעוָוארֶען, אָבֶּער אִיהְר
זָאלְט אוֹיסְגֶעלֵייזְט וֶוערֶען אָהְן גֶעלְד :
4 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
מֵיין פָאלְק אִיז צוּעֶרְשְׁט אַרוּפְּגֶענַאנְגֶען
נָאךְ מִצְרַיִם זִיךְ דָארְט אוֹיפְצוּהַאלְטֶען,
אָבֶּער אַשּׁוּר הָאט זֵייא אוּמְזִיסְט
אוּנְטֶערְדְרִיקְט :
5 אָבֶּער אַצוּנְד, וָואס הָאבּ אִיךְ דָא,
זָאגְט יְהוָֹה, דָאס מֵיין פָאלְק אִיז בְּחִנָם
אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען ? זֵיינֶע גֶע־
וֶועלְטִיגֶערְס מַאכֶען זֵייא הֵיילֶען, (אָדֶער
בֶּערִימֶען זִיךְ אִיבֶּער זֵייא) זָאגְט יְהוָֹה,
אוּנְד מֵיין נָאמֶען וֶוערְט תָּמִיד דֶעם
גַאנְצֶען טָאג גֶעלֶעסְטֶערְט :
6 דַארוּם וֶועט מֵיין פָאלְק קֶענֶען
מֵיין נָאמֶען, דַארוּם (וֶועלֶען זֵייא וִויסֶען)
אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אַז אִיךְ בִּין
דֶער וָואס רֶעט, אִיךְ בִּין דָא :
7 וִויא שֵׁיין זֶענֶען אוֹיף דִיא בֶּערְג
דִיא פִּיס פוּן דֶעם מְבַשֵּׂר, וָואס מַאכְט
הֶערֶען שָׁלוֹם, וָואס אִיז מְבַשֵּׂר גוּטֶעס,
אוּנְד מַאכְט הֶערֶען פוּן יְשׁוּעָה, וָואס
זָאגְט צוּ צִיוֹן דֵיין גָאט רֶעגִירְט :
8 דָאס קוֹל פוּן דֵיינֶע הִיטֶערְס, זֵייא
הֵייבֶּען אוֹיף דָאס קוֹל, זֵייא וֶועלֶען
צוּזַאמֶען זִינְגֶען, וָוארִין זֵייא וֶועלֶען עֶס
זֶעהֶען בְּעֵיינְפֶּערְלֶעךְ וֶוען גָאט וֶועט
זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען נָאךְ צִיוֹן :
9 מַאכְט אוֹיף (אֵיירֶע מֵיילֶער) זִינְגְט
צוּזַאמֶען אִיהְר חָרְבוֹת פוּן יְרוּשָׁלַיִם,
וָוארִין גָאט וֶועט טְרֵייסְטֶען זֵיין פָאלְק,
עֶר הָאט אוֹיסְגֶעלֵייזְט יְרוּשָׁלַיִם :

10 גָאט הָאט אֶנְטפְּלֶעקְט זַיין הֵיילִיגֶען אָרֶעם פַאר דִיא אויגֶען פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד אַלֶע עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד וָועלֶען זֶעהֶען דִיא הִילְף פוּן אוּנְזֶער גָאט:

11 קֶעהְרְט אֵייךְ אַוֶועק! קֶעהְרְט אֵייךְ אַוֶועק! גֵייט אַרוֹיס פוּן דָארְטֶען, אִיהְר זָאלְט נִיט אָנְרִיהְרֶען קֵיין טָמֵא, גֵייט אַרוֹיס פוּן צְוִוישֶׁען זֵייא, מַאכְט אֵייךְ רֵיין, אִיהְר וָואס טְרָאגְט דִיא כֵּלִים פוּן יְהֹוָה:

12 וָוארִין אִיהְר וֶועט נִיט אַרוֹיסְגֵיין מִיט אֵיילֶענִיש, אוּנְד אִיהְר וֶועט נִיט גֵיין דוּרְךְ אֶנְטְלוֹיפֶען, וָוארִין יְהֹוָה וֶועט פַאר אֵייךְ גֵיין, אוּנְד דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז אֵייעֶר אֵיינְזַאמְלֶער:

13 זֶעהְט! מֵיין קְנֶעכְט וֶועט בֶּעגְלִיקֶען, עֶר וֶועט דֶערְהֵייכְט וֶוערֶען, אוּנְד דֶערְהוֹיבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד עֶר וֶועט זֶעהְר הוֹיךְ זַיין:

14 אַזוֹי וִויא פִילֶע הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער דִיר פֶערְוואוּנְדֶערְט אַזוֹי אִיז זַיין אָנְזֶעהֶען פֶערְדָארְבֶּען פוּן אַ מֶענְשׁ, אוּנְד זַיינֶע גֶעשְׁטַאלְט פוּן מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער:

15 אַזוֹי וֶועט עֶר בֶּעשְׁפְּרֶענְקֶעלְן פִילֶע גוֹיִם, אִיבֶּער אִיהְם וֶועלֶען דִיא מְלָכִים אִיהְרֶע מֵיילֶער צוּהַאלְטֶען, וָוארִין דָאס וָואס אִיז צוּ זֵייא נִיט דֶערְצֵיילְט גֶעוָוארֶען וֶועלֶען זֵייא זֶעהֶען, אוּנְד דָאס וָואס זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט וֶועלֶען זֵייא בֶּעטְרַאכְטֶען:

## קאפיטעל נג

1 וֶוער הָאט גֶעגְלוֹיבְּט וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט? אוּנְד צוּ וֶועמֶען אִיז דֶער אָרֶעם פוּן גָאט אֶנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען?

2 וָוארִין עֶר אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פַאר אִיהְם וִויא אַ יוּנְג צְוַוייגֶעל אוּנְד וִויא אַ וָוארְצֶעל פוּן אַ טְרִיקֶען לַאנְד, עֶר הָאט נִיט קֵיין גֶעשְׁטַאלְט אוּנְד קֵיין שֵׁיינְהֵייט, אוּנְד וֶוען מִיר וֶועלֶען אִיהְם אָנְזֶעהֶען אַזוֹי אִיז עֶר נִיט קֵיין מַרְאֶה אַז מִיר זָאלֶען אָן אִיהְם גְלִיסְטֶען:

3 עֶר אִיז גֶעוָוארֶען פֶערְשֶׁעמְט אוּנְד פֶערְמִיטֶען פוּן מֶענְשֶׁען, אַ מַאן פוּן וֵוייטָאג אוּנְד בֶּעקֶענְט מִיט קְרַאנְקְהֵייט, אוּנְד מִיר הָאבֶּען אוּנְזֶער פָּנִים פוּן אִיהְם פֶערְבָּארְגֶען, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען פֶערְשֶׁעמְט אוּנְד מִיר הָאבֶּען אִיהְם נִיט גֶעאַכְט:

4 פַארְוָואהְר עֶר הָאט גֶעטְרָאגֶען אוּנְזֶערֶע קְרַאנְקְהֵייטֶען, אוּנְד אוֹיף זִיךְ גֶעלָאדֶען אוּנְזֶערֶע וֵוייטָאג, אָבֶּער מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעהַאלְטֶען אַלְס אֵיינֶער וָואס אִיז גֶעפְּלָאגְט פוּן גָאט, גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד גֶעפֵּיינִיגְט:

5 אָבֶּער עֶר אִיז קְרַאנְק גֶעוָוארֶען וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע זִינְד, עֶר אִיז צֶערְשְׁטוֹיסֶען גֶעוָוארֶען וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען, דִיא שְׁטְרָאף פוּן אוּנְזֶער פְרִידֶען אִיז אוֹיף אִיהְם, אוּנְד דוּרְךְ זַיינֶע בֵּיילֶען זֶענֶען מִיר גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען:

6 מִיר זֶענֶען אַלֶע פַארְאִירְט גֶעוָוארֶען וִויא שָׁאף, אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט צוּ זַיין וֶועג, אָבֶּער גָאט הָאט אוֹיף אִיהְם גֶעלָאזְט טְרֶעפֶען דִיא זִינְד פוּן אוּנְס אַלֶע:

7 עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעצְוואוּנְגֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעפֵּיינִיגְט, דָאךְ הָאט עֶר נִיט אוֹיפְגֶעמַאכְט זַיין מוֹיל, עֶר אִיז גֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען וִויא אַ לֶעמֶעלֶע צוּ דֶעם שֶׁעכְטֶען, אוּנְד וִויא אַ שָׁאף אִיז שְׁטוּם פַאר אִיהְר שֶׁערֶער, אַזוֹי

הָאט עֶר נִיט אויפְגֶעמַאכְט זַיין מויל׃
8 עֶר אִיז גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם
גֶעפֶּענְגְנִיס אוּנְד גֶערִיכְט, אָבֶּער וֶוער
קֶען אויסְדֶערְצֵיילֶען זַיין דוֹר, וָוארִין
עֶר אִיז אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען פוּן
דֶעם לַאנְד פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע, וֶועגֶען
דִיא אִיבֶּערְטְרֶעטוּנְגֶען פוּן מֵיין פָאלְק,
אִיז עֶר גֶעפְּלָאגְט גֶעוָוארֶען׃
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען מִיט דִיא
רְשָׁעִים זַיין קֶבֶר, אוּנְד מִיט דִיא רֵייכֶע
אִין זַיין טוֹיט, אוֹיבְּוָואוֹיל עֶר הָאט
קֵיין אוּנְרֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן, אוּנְד עֶס
אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין פַאלְשְׁהֵייט אִין
זַיין מויל׃
10 אָבֶּער גָאט הָאט אִיהְם גֶעוָואלְט
צוּשְׁטוֹיסֶען, עֶר הָאט אִיהְם קְרַאנְק
גֶעמַאכְט, וֶוען דוּא וֶועְרְסְט מַאכֶען זַיין
נֶפֶשׁ אַלְס אַ קָרְבָּן אָשָׁם, וֶועט עֶר
זֶעהֶען זָאמֶען אוּנְד לַאנְג לֶעבֶּען, אוּנְד
דָאס בֶּעגֶערֶען פוּן גָאט וֶועט אִין זַיינֶע
הֶענְד בֶּעגְלִיקֶען׃
11 פוּן וֶועגֶען דֶעם וָואס זַיין נֶפֶשׁ
הָאט זִיךְ בֶּעמִיהְט וֶועט עֶר זֶעהֶען
אוּנְד זַאט וֶוערֶען; דוּרְךְ זַיינֶע עֶרְ־
קֶענְטֶענִיס וֶועט עֶר, מֵיין גֶערֶעכְטֶער
קְנֶעכְט פִילֶע גֶערֶעכְט מַאכֶען, ווייל
עֶר וֶועט טְרָאגֶען זֵיירֶע זִינְדֶען׃
12 דָארוּם וֶועל אִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבֶּען
אַ חֵלֶק מִיט דִיא גְרוֹיסֶע, אוּנְד מִיט
דִיא שְׁטַארְקֶע וֶועט עֶר אויסְטֵיילֶען
רֵייבּ, ווייל עֶר הָאט אויסְגֶעגָאסֶען
זַיינֶע נְשָׁמָה צוּ דֶעם טוֹיט, אוּנְד עֶר
אִיז גֶעצֵיילְט גֶעוָוארֶען מִיט דִיא
אִיבֶּערְטְרֶעטֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
טְרָאגֶען דִיא זִינְד פוּן פִילֶע, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעבֶּעטֶען פַאר דִיא אִיבֶּער־
טְרֶעטֶער׃

## קאפיטעל נד

1 זִינְג, אָ דוּא עֲקָרָה, וָואס הָאסְט
נִיט גֶעווִינֶען, מַאךְ אויף דֵיין מויל מִיט
גֶעזַאנְג, אוּנְד קְלִינְג הוֹיךְ, דוּא וָואס
הָאסְט נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע גֶעבֶּער־
שְׁמֶערְצֶען, וָוארִין דִיא קִינְדֶער פוּן
דֶער פֶערְווִיסְטֶע זֶענֶען מֶעהְר ווִיא
דִיא קִינְדֶער פוּן דֶער וָואס הָאט אַ
מַאן, זָאגְט יְהוָֹה׃
2 מַאךְ בְּרֵייטֶער דֶעם אָרְט פוּן דֵיין
גֶעצֶעלְט, אוּנְד שְׁפְּרֵייט אויס דִיא
אוּמְהֶענְגֶען פוּן דֵיינֶע ווְאוֹינוּנְגֶען, דוּא
זָאלְסְט זֵייא נִיט צוּרִיקְהַאלְטֶען, דֶערְ־
לֶענְגֶער דֵיינֶע שְׁטְרִיק אוּנְד מַאךְ
שְׁטַארְקֶער דֵיינֶע פְּלֶעקֶער׃
3 וָוארִין דוּא וֶועסְט אויסְבְּרֶעכֶען צוּר
רֶעכְטֶען אוּנְד צוּר לִינְקֶען, אוּנְד דֵיינֶע
קִינְדֶער וֶועלֶען יַרְשְׁנְ'ן דִיא גוֹיִם, אוּנְד
זֵייא וֶועלֶען בֶּעווְאוֹינֶען דִיא ווִיסְטֶע
שְׁטֶעט׃
4 דוּא זָאלְסְט קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען,
וָוארִין דוּא וֶועסְט נִיט מְבוּיָשׁ וֶוערֶען,
אוּנְד שֶׁעם דִיךְ נִיט, וָוארִין דוּא וֶועסְט
נִיט פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען, דֶען דוּא וֶועסְט
פֶערְגֶעסֶען דִיא בּוּשָׁה פוּן דֵיינֶע יוּנְג־
הֵייט, אוּנְד דִיא שַׁאנְד פוּן דֵיינֶע
אַלְמָנָה־שַׁאפְט וֶועסְט דוּא נִיט מֶעהְר
גֶעדֶענְקֶען׃
5 וָוארִין דֶער וָואס אִיז דֵיין מַאן
הָאט דִיךְ גֶעמַאכְט, יְהוָֹה צְבָאוֹת אִיז
זַיין נָאמֶען, דֶער הֵיילִיגֶער פוּן יִשְׂרָאֵל,
עֶר זָאל גֶערוּפֶען וֶוערֶען דֶער גָאט פוּן
דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט׃
6 וָוארִין גָאט הָאט דִיךְ גֶערוּפֶען אַזוֹי
ווִיא אַ פֶערְלָאזֶענֶע אוּנְד טְרוֹיעִרִיגֶע
פְרוֹיא, אוּנְד אַזוֹי ווִיא אַ יוּנְגֶעס ווייבּ
וֶוען זִיא וֶוערְט נִמְאָס, זָאגְט דֵיין גָאט׃

7 אויף אַ קְלֵיינֶע רֶגַע הָאבּ אִיךְ דִיךְ
פֶערְלָאזֶען, אָבֶּער מִיט גְרוֹיס רַחֲמָנוּת
וֶועל אִיךְ דִיךְ זַאמֶעלְן:
8 אִין אַ קְלֵיין בִּיסֶעל צָארְן הָאבּ
אִיךְ פוּן דִיר פַאר אַ רֶגַע מַיין פָּנִים
בֶּעהַאלְטֶען, אָבֶּער מִיט אֵייבִּיגֶען חֶסֶד
דֶערְבַּארְם אִיךְ מִיךְ אִיבֶּער דִיר, זָאגְט
יְהֹוָה דַיין דֶערְלֵייזֶער:
9 וָוארִין דָאס דָאזִיגֶע אִיז צוּ מִיר
אַזוֹי וִויא דִיא וַואסֶערְן פוּן נֹחַ, ווייל
אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁוָוארֶען אַז דִיא וַואסֶערְן
פוּן נֹחַ זָאלֶען נִיט מֶעהְר אִיבֶּערְ־
פָאהְרֶען אִיבֶּער דִיא עֶרְד, אַזוֹי הָאבּ
אִיךְ גֶעשְׁוָוארֶען אַז אִיךְ וֶועל נִיט
מֶעהְר אִיבֶּער דִיר צָארְנֶען אוּנְד דִיךְ
נִיט מֶעהְר אָנְשְׁרֵייעֶן:
10 וָוארִין דִיא בֶּערְג וֶועלֶען זִיךְ אָפּ־
טְהוּן אוּנְד דִיא הֵייךְ וֶועלֶען פֶערְגֵיין,
אָבֶּער מַיין חֶסֶד וֶועט זִיךְ פוּן דִיר נִיט
אָפּטְהוּן, אוּנְד דֶער בְּרִית פוּן מַיין
שָׁלוֹם וֶועט נִיט פֶערְגֵיין, זָאגְט יְהֹוָה
וָואס דֶערבַּארְמְט זִיךְ אִיבֶּער דִיר:
11 אוֹי דוּא אָרֶעמֶע, (אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען)
פוּן דֶעם שְׁטוּרְם, אוּנְד נִיט גֶעטְרֵייסְ־
טֶעט, זֶעה אִיךְ וֶועל דֵיינֶע פְלַאסְטֶער־
שְׁטֵיינֶער לֵייגֶען מִיט שֵׁיינֶע פַארְבֶּען,
אוּנְד וֶועל דֵיין גְרוּנְד לֵייגֶען מִיט
סַפִּיר־שְׁטֵיינֶער:
12 אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען דֵיינֶע
מוֹיעֶר־שְׁפִּיצֶען, פוּן רוּבִּינשְׁטֵיינֶער,
אוּנְד דֵיינֶע טוֹיעֶרְן פוּן קַארְפִּינְקֶעל־
שְׁטֵיינֶער, אוּנְד אַלֶע דֵיינֶע גְרֶענֶעצֶען
פוּן לִיבְּלִיכֶע שְׁטֵיינֶער:
13 אוּנְד אַלֶע דֵיינֶע קִינְדֶער וֶועלֶען
לֶערְנֶען פוּן גָאט, אוּנְד דֶער שָׁלוֹם פוּן
דֵיינֶע קִינְדֶער וֶועט זַיין גְרוֹיס:
14 דוּא וֶועסְט בֶּעפֶעסְטִיגְט וֶוערֶען
דוּרְךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, דוּא וֶועסְט זַיין
דֶערְוַוייטֶערְט פוּן אוּנְטֶערְדְרִיקוּנְג, דֶען
דוּא וֶועסְט נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען,
אוּנְד אוֹיךְ פוּן שְׁרֶעק, וָוארִין עֶס וֶועט
זִיךְ נִיט צוּ דִיר גֶענֶעהֶנֶען:
15 זֶעה, מֶען וֶועט זִיךְ גֶעוִויס אֵיינְ־
זַאמֶעלְן, אָבֶּער עֶס אִיז נִיט פוּן מִיר,
אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ קֶעגֶען דִיר
פֶערְזַאמֶעלְן דֶער וֶועט וֶועגֶען דִיר
פַאלֶען:
16 זֶעה, אִיךְ הָאבּ בֶּעשַׁאפֶען דֶעם
שְׁמִיד וָואס בְּלָאזְט אִין דֶעם פַייעֶר
פוּן קוֹילֶען, אוּנְד וָואס בְּרֶענְגְט אַרוֹיס
אַ כְּלִי צוּ זֵיינֶע אַרְבֵּייט, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ אוֹיךְ בֶּעשַׁאפֶען דֶעם פֶערְדַארְבֶּער
אַז עֶר זָאל עֶס פֶערְדַארְבֶּען:
17 אִיטְלִיכֶעס כְּלִי וָואס אִיז צוּבֶּערֵייט
קֶעגֶען דִיר וֶועט נִיט בֶּעגְלִיקֶען, אוּנְד
אִיטְלִיכֶע צוּנְג וָואס וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין
קֶעגֶען דִיר אִין דֶעם מִשְׁפָּט וֶועסְט
דוּא שׁוּלְדִיג מַאכֶען, דָאס דָאזִיגֶע אִיז
דִיא נַחֲלָה פוּן דִיא קְנֶעכְט פוּן יְהֹוָה,
אוּנְד זֵייעֶרֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז פוּן
מִיר, זָאגְט יְהֹוָה:

## קאפּיטעל נה

1 אוֹי, אַלֶע וָואס זֶענֶען דוּרְשְׁטִיג
קוּמְט אַהֶער צוּ דֶעם וַואסֶער, אַפִילוּ
דֶער וָואס הָאט קֵיין גֶעלְד, קוּמְט אוּנְד
קוֹיפְט (נֶעמְט) אוּנְד עֶסְט, קוּמְט
אַהֶער, אוּנְד קוֹיפְט אָהְן גֶעלְד אוּנְד
אָהְן אַ פְּרֵייז, מִילְךְ אוּנְד וַויין:
2 פַאר וָואס וֶועגְט אִיהְר (אָפּ) זִילְבֶּער
פַאר דֶעם וָואס אִיז נִיט קֵיין בְּרוֹיט?
אוּנְד אֵייעֶרֶע מִידִיגְקֵייט פַאר דֶעם וָואס
זֶעטִיגְט נִיט? הֶערְט דָאךְ מִיר צוּ, אוּנְד
עֶסְט דָאס וָואס אִיז גוּט, אוּנְד לָאז אֵייעֶר
נֶפֶשׁ הָאבֶען פֶערְגְנִיגֶען אִין פֶעטִיגְקֵייט?

3 נייגט אייערע אויערען אונד קומט אַהער צו מיר, הערט אַזוי װעלען אייערע לייבער לעבען; אונד איך װעל מיט אייך כּוֹרֵת בְּרִית זיין אויף אייביג, דיא טרייע חֲסָדִים פון דָוִד׃

4 זעה, איך האָב איהם געגעבען אַלס איין עֵדוּת צו דיא פעלקער, אַלס אַ האַר אונד בעפעהלער צו דיא פעלקער׃

5 זעה, אַ פאָלק װאָס דוא קענסט ניט װעסט דוא רופען, אונד פעלקער װאָס קענען דיך ניט װעלען צו דיר לויפען, פון װעגען יְהֹוָה דיין גאָט, אונד װעגען דעם היילינגען פון יִשְׂרָאֵל, װאָרין ער האָט דיך פערהערליכט׃

6 זוכט יְהֹוָה װייל ער קען געפונען װערען, רופט איהם אָן װייל ער איז נאָהענט׃

7 לאָז דער רָשָׁע פערלאָזען זיין װעג, אונד דער אומגערעכטער מענש זיינע געדאנקען, אונד לאָז ער זיך אומקעהרען צו גאָט, װאָרין ער װעט זיך איבער איהם דערבאַרמען, אונד צו אונזער גאָט דען ביי איהם איז פיל צו פערגעבען׃

8 װאָרין מיינע געדאנקען זענען ניט אייערע געדאנקען, אונד אייערע װעגען זענען ניט מיינע װעגען, זאָגט יְהֹוָה׃

9 װאָרין אַזוי װיא דער הימעל איז העכער פון דער ערד, אַזוי זענען מיינע װעגען העכער פון אייערע װעגען, אונד מיינע געדאנקען פון אייערע געדאנקען׃

10 װאָרין אַזוי װיא דער רעגען אונד דער שניא נידערט אַראָפּ פון דעם הימעל, אונד קעהרט ניט דאָרט אַהין צוריק נייערט בעװאַסערט דיא ערד אונד מאַכט זיא געװינען אונד שפּראָצען, דאָס זיא געט זאָמען צו זייען אונד ברויט צו דעם װאָס עסט׃

11 אַזוי װעט אויך זיין מיין װאָרט װאָס איז אַרויסגעגאַנגען אויס מיין מויל, עס זאָל ניט ליידיג צו מיר צוריקקומען, נייערט עס װעט טהון דאָס װאָס איך בעגעהר, אונד עס װעט בעגליקען אין דיא זאַך צו װאָס איך האָב עס געשיקט׃

12 װאָרין איהר װעט אַרויסגיין מיט פרייד, אונד מיט שָׁלוֹם װעט איהר געפיהרט װערען, דיא בערג אונד דיא הייך װעלען פאַר אייך אויסברעכען מיט געזאַנג, אונד אַלע ביימער פון דעם פעלד װעלען קלאַטשען מיט דיא הענד

13 אַנשטאָט דעם דאָרנבוּשׁ װעט אויפגיין איין בוקסען־בוים, אונד אַנשטאָט דעם דאָרן סִרְפָּד װעט אויפגיין איין הֲדַס, אונד עס װעט זיין צו יְהֹוָה פאַר אַ שֵׁם, צו איין אייביגען צייכען װאָס זאָל ניט אָבגעשניטען װערען׃

## קאפיטעל נו

1 אַזוי זאָגט גאָט, היט מִשְׁפָּט, אונד טהוט גערעכטיגקייט, װאָרין מיינע הילף איז נאָהענט צו קומען אונד מיינע גערעכטיגקייט ענטפּלעקט צו װערען׃

2 װאויל איז דעם מענש װאָס טהוט דאָס דאָזיגע, אונד דעם מענשען־זוהן װאָס געמט דאָס אָן, װאָס היט שַׁבָּת אונד איז ניט מְחַלֵל, אונד װאָס היט זיינע הענד אַז ער זאָל קיין שום שלעכטעס ניט טהון׃

3 אונד לאָז ניט דער פרעמדער זאָגען װאָס װיל זיך בעהעפטען צו גאָט, אַזוי צו זאָגען, גאָט האָט מיך

אים

אִים גַאנְצֶען אָפְּגֶעשֵׁייט פוּן זַיין פָאלְק— אוּנְד לָאז נִיט דֶער סָרִיס זָאגֶען, וֶועה, אִיךְ בִּין (וִויא) אַ פֶערְדַארְטֶער בּוֹים :

4 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה צוּ דִיא סָרִיסִים וָואס הִיטֶען מֵיינֶע שַׁבָּתִים, אוּנְד ווֵיילֶען אוֹיס דָאס וָואס גֶעפֶעלְט מִיר, אוּנְד וֶועלֶען אָנְהַאלְטֶען אַן מֵיין בְּרִית :

5 אַזוֹי וֶועל אִיךְ צוּ זֵייא גֶעבֶּען (אֵיין אָרְט) אִין מֵיין הוֹיז אוּנְד אִין מֵיינֶע מוֹיעֶרְן, אוּנְד אַ נָאמֶען וָואס אִיז בֶּעסֶער וִויא פוּן זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער, אֵיין אֵייבִּיגֶען נָאמֶען וֶועל אִיךְ אִיהְם גֶעבֶּען וָואס וֶועט נִיט פֶערְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען :

6 אוּנְד דִיא פְרֶעמְדֶע קִינְדֶער וָואס בֶּעהֶעפְטֶען זִיךְ צוּ גָאט כְּדֵי אִיהְם צוּ דִינֶען, אוּנְד צוּ לִיבֶּען דֶעם נָאמֶען פוּן יְהֹוָה, צוּ אִיהְם צוּ זַיין צוּ קְנֶעכְט, אִיטְלִיכֶער וָואס הַאלְט שַׁבָּת אוּנְד אִיז אִיהְם נִיט מְחַלֵל, אוּנְד וָואס הַאלְט מֵיין בְּרִית :

7 זֵייא וֶועל אִיךְ בְּרֶענְגֶען צוּ מֵיין הֵיילִיגֶען בַּארְג, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא דֶערְפְרֵייעֶן אִין מֵיין תְּפִלָה הוֹיז, זֵיירֶע עוֹלוֹת אוּנְד זֵיירֶע זְבָחִים וֶועלֶען זַיין צוּם וְואוֹילְגֶעפָאלֶען אוֹיף מֵיין מִזְבֵּחַ, וָוארִין מֵיין הוֹיז וֶועט אָנְגֶערוּפֶען וֶוערֶען אַ הוֹיז פוּן תְּפִלָה צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער :

8 דֶער הַאר גָאט וָואס זַאמֶעלְט דִיא פֶערְשְׁטוֹיסֶענֶע פוּן יִשְׂרָאֵל זָאגְט, אִיךְ וֶועל נָאךְ זַאמֶעלְן צוּ אִיהְם צוּ זֵיינֶע גֶעזַאמֶעלְטֶע :

9 אִיהְר אַלֶע חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד קוּמְט אַהֶער צוּ עֶסֶען, אַלֶע אִיהְר חַיוֹת פוּן דֶעם וַואלְד :

10 זֵיינֶע הִיטֶערְס זֶענֶען אַלֶע בְּלִינְד, זֵייא ווִיסֶען גָאר נִיט, זֵייא זֶענֶען אַלֶע שְׁטוּמֶע הִינְד, זֵייא קֶענֶען נִיט בִּילֶען, זֵייא פַאנְטַאזִירֶען לִיגֶענְדִיג, זֵייא לִיבֶּען צוּ דְרוּמֶעלְן :

11 אוּנְד דִיא הִינְד זֶענֶען שְׁטַארְק גֵייצִיג, אוּנְד זֵייא ווֵייסֶען נִיט פוּן זַאטְקֵייט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען פַאסְטוּכֶערְס וָואס ווֵייסֶען נִיט צוּ פֶערְשְׁטֵיין, אַלֶע קֶעהְרֶען זִיךְ צוּ זֵייעֶר וֶועג, אִיטְלִיכֶער צוּ זַיין שְׁלֶעכְטֶען גֶעוִוין פוּן זַיין עֶק :

12 קוּמְט (זָאגֶען זֵייא) אִיךְ וֶועל נֶעמֶען ווֵיין, אוּנְד מִיר וֶועלֶען זִיךְ זֶעטִיגֶען מִיט אַלְטֶען (שְׁטַארְקֶען) ווֵיין, אוּנְד דֶער מָארְגֶעדִיגֶער טָאג וֶועט זַיין וִויא הֵיינְט, אוּנְד נָאךְ פִיל גְרֶעסֶער :

קאפיטעל נז

1 דֶער צַדִיק וֶוערְט פֶערְלוֹירֶען אוּנְד קֵיינֶער טְהוּט עֶס נֶעמֶען צוּ הַארְץ, אוּנְד פְרוּמֶע מֶענְשֶׁען שְׁטַארְבֶּען אוּנְד קֵיינֶער פֶערְשְׁטֵייט נִיט אַז עֶס אִיז פוּן וֶועגֶען דֶעם שְׁלֶעכְטֶען דָאס דֶער צַדִיק וֶוערְט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט :

2 עֶר וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען בְּשָׁלוֹם, זֵייא וֶועלֶען רוּהֶען אוֹיף זֵייעֶר גֶעלֶעגֶער, אִיטְלִיכֶער גֵייט זַיין גְרַאדֶען וֶועג :

3 אָבֶּער אִיהְר, גֶענֶעהְנְט דָא אַהֶער אִיהְר קִינְדֶער פוּן כִּשׁוּף־מַאכֶערְס, אִיהְר זָאמֶען פוּן אֵיין נוֹאֵף אוּנְד אַ זוֹנָה :

4 אִיבֶּער וֶועמֶען הָאט אִיהְר תַּעֲנֻג ? אִיבֶּער וֶועמֶען מַאכְט אִיהְר אַ גְרוֹיס מוֹיל, אוּנְד אַ לַאנְגֶע צוּנְג ? זֶענְט אִיהְר נִיט ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע קִינְדֶער, אַ פַאלְשֶׁער זָאמֶען :

5 וָואס דֶערְהִיצֶען זִיךְ אוּנְטֶער לִינְדֶען־בֵּיימֶער, אוּנְטֶער אִיטְלִיכֶען גְרִינֶען

בוים, וָואס שֶׁעכְטֶען דִיא קִינְדֶער אִין
דִיא טָהָאלֶען, הִינְטֶער דִיא שְׁפַּאלְטֶען
פוּן דִיא שְׁטֵיינֶער ?
6 צְווִישֶׁען דִיא גְלַאטֶע שְׁטֵיינֶער פוּן
דֶעם טֵייךְ אִיז דֵיין חֵלֶק, זֵייא זֶענֶען
דֵיין גוֹרָל, אוֹיךְ צוּ זֵייא הָאסְט דוּא
אוֹיסְגֶעגָאסֶען אַ קָרְבָּן נֶסֶךְ, דוּא הָאסְט
מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען אַ מִנְחָה, זָאל אִיךְ
מִיךְ טְרֵייסְטֶען אִיבֶּער דִיא דָאזִיגֶע
זַאכֶען ?
7 אוֹיף אַ הוֹיכֶען אוּנְד דֶערְהוֹיבֶּענֶעם
בַּארְג הָאסְט דוּא גֶעמַאכְט דֵיין גֶע־
לֶעגֶער, אוֹיךְ דָארְטֶען בִּיזְט דוּא אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען מַקְרִיב צוּ זֵיין קָרְבָּנוֹת :
8 אוּנְד הִינְטֶער דֶער טְהִיר אוּנְד דִיא
מְזוּזָה הָאסְט דוּא גֶעטְהוּן דֵיין גֶע־
דֶעכְטֶענִיס, וָוארִין (וֵוייט אַוֶועק) פוּן
מִיר הָאסְט דוּא דִיךְ אוֹיפְגֶעדֶעקְט,
אוּנְד בִּיזְט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, דוּא הָאסְט
בְּרֵייט גֶעמַאכְט דֵיין גֶעלֶעגֶער, אוּנְד
דוּא הָאסְט מִיט זֵייא אַ בּוּנְד גֶעמַאכְט,
דוּא הָאסְט גֶעלִיבְּט זֵייעֶר גֶעלֶעגֶער,
וָוען דוּא הָאסְט נָאר אֵיין אָרְט דֶערְ־
זֶעהֶען :
9 אוּנְד דוּא בִּיזְט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ
דֶעם קֶענִיג מִיט בּוֹימְאֵיל, אוּנְד דוּא
הָאסְט פֶערְמֶעהְרְט דֵיינֶע בְּשָׂמִים, אוּנְד
דוּא הָאסְט דֵיינֶע שְׁלוּחִים זֶעהְר וֵוייט
אוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד דוּא הָאסְט דִיךְ
דֶערְנִידֶערִיגְט בִּיז צוּ דֶעם שְׁאוֹל :
10 דוּרְךְ דֵיינֶע (פִילֶע) וֶועגֶען הָאסְט
דוּא דִיךְ בֶּעמִיהְט, דָאךְ הָאסְט דוּא
נִיט גֶעזָאגְט אַז עֶס אִיז דָא אַ הָאפֶענוּנְג,
דוּא הָאסְט גֶעפוּנֶען לֶעבֶּענְס־קְרַאפְט
אִין דֵיינֶע הַאנְד, דַארוּם בִּיזְט דוּא נִיט
שְׁוַואךְ גֶעוָוארֶען :
11 אָבֶּער פַאר וֶועמֶען הָאסְט דוּא
מוֹרָא גֶעהַאט אוּנְד גֶעשְׁרֶעקְט, דָאס
דוּא הָאסְט גֶעלֵייקֶענְט אוּנְד אַן מִיר
הָאסְט דוּא נִיט גֶעדֶענְקְט, דוּא הָאסְט
עֶס אוֹיךְ נִיט צוּ הַארְץ גֶענוּמֶען, בִּין
אִיךְ עֶס נִיט וָואס שְׁוֵויינְט פוּן אֵייבִּיג
אָן, אוּנְד דוּא הָאסְט פַאר מִיר קֵיין
מוֹרָא נִיט ?
12 אִיךְ וֶועל אָנְזָאגֶען דֵיינֶע גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד דֵיינֶע מַעֲשִׂים, אָבֶּער
עֶס וֶועט דִיר נִיט נוּצֶען :
13 וֶוען דוּא וֶועסְט שְׁרֵייעֶן לָאזֶען דִיךְ
דֵיינֶע פֶערְזַאמְלוּנְגֶען מַצִיל זֵיין, אָבֶּער
דֶער ווִינְד וֶועט זֵייא אַלֶע אַוֶועקְטְרָאגֶען,
הֶבֶל וֶועט זֵייא אַוֶועקְנֶעמֶען, אָבֶּער
דֶער וָואס פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ אוֹיף מִיר
וֶועט עֶרְבֶּען דָאס לַאנְד אוּנְד וֶועט
יַרְשְׁנְ'ן מֵיין הֵיילִיגֶען בַּארְג ;
14 אוּנְד מֶען וֶועט זָאגֶען, שִׁיט אוֹיף,
שִׁיט אוֹיף, בֶּערֵייט צוּ דֶעם וֶועג, הֵייבְּט
אוֹיף דִיא שְׁטְרוֹיכְלוּנְג אוֹיס דֶעם וֶועג
פוּן מֵיין פָאלְק :
15 ווָארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הוֹיכֶער
אוּנְד דֶערְהוֹיבֶּענֶער, וָואס בֶּעווָאוינְט
דִיא אֵייבִּיגְקֵייט, אוּנְד וָואס זֵיין נָאמֶען
אִיז הֵיילִיג, אִיךְ ווְאוֹין אִין דֶעם הוֹיכֶען
אוּנְד הֵיילִיגֶען אָרְט, אָבֶּער אוֹיךְ מִיט
דֶעם וָואס אִיז צוּשְׁטוֹיסֶען אוּנְד פוּן אַ
נִידֶערִיג גֶעמִיט, כְּדֵי צוּ דֶערְקְווִיקֶען
דָאס גֶעמִיט פוּן דִיא נִידֶערִיגֶע, אוּנְד
צוּ דֶערְקְווִיקֶען דַאס הַארְץ פוּן דִיא
צוּשְׁטוֹיסֶענֶע :
16 וָוארִין אִיךְ וֶועל נִיט אוֹיף אֵייבִּיג
קְרִיגֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיךְ נִיט אוֹיף
אֵייבִּיג צָארְנֶען, דֶען דֶער גֵייסְט וָואס
אִיז פוּן מִיר וֶועט פֶערְשְׁמַאכְטֶען, אוּנְד
(אוֹיךְ) דִיא נְשָׁמוֹת וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעמַאכְט :

17 פוּן װֶעגֶען דִיא זִינְד פוּן זַיינֶע
גַייצִיגְקַייט הָאבּ אִיךְ גֶעצָארְנְט, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אִיךְ הָאבּ
מִיךְ פֶערְבָּארְגֶען אוּנְד אִיךְ בִּין צָארְנִיג
גֶעוֶועזֶען, אָבֶּער עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען
אָפְּקֶעהְרֶענְדִיג אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן זַיין
הַארְץ ׃
18 אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען זַיינֶע װֶעגֶען,
אָבֶּער אִיךְ וֶועל אִיהְם הֵיילֶען, אוּנְד
אִיךְ וֶועל אִיהְם פִיהְרֶען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל צוּ אִיהְם בֶּעצָאלֶען טְרֵייסְטוּנְגֶען,
אוּנְד צוּ זַיינֶע טְרוֹירִיגֶע ׃
19 אִיךְ בֶּעשַׁאף דִיא פְרוּכְט פוּן דִיא
לִיפֶּען, שָׁלוֹם שָׁלוֹם צוּ דֶעם וָואס אִיז
ווייט אוּנְד צוּ דֶעם וָואס אִיז נָאהֶענְט,
זָאגְט יְהוָֹה, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם
הֵיילֶען ׃
20 אָבֶּער דִיא רְשָׁעִים זֶענֶען וִויא
דָאס גֶעטְרִיבֶּענֶע יָם, וָואס קֶען נִיט
גֶעשְׁטִילְט וֶוערֶען, אוּנְד זַיינֶע וַואסֶערְן
טְהוּן אַרוֹיסְוַוארְפֶען מִיסְט אוּנְד לֵיים ׃
21 עֶס אִיז קֵיין שָׁלוֹם צוּ דִיא רְשָׁעִים,
זָאגְט מֵיין גָאט ׃

קאפיטעל נח

1 שְׁרֵייא מִיט דֶעם הַאלְז, דוּא זָאלְסְט
נִיט פֶערְמֵיידֶען ! הֵייבּ אוֹיף דַיין קוֹל
וִויא אַ שׁוֹפָר, אוּנְד זָאג אָן צוּ מֵיין
פָאלְק זֵייעֶרֶע פְּשָׁעִים, אוּנְד צוּ דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יַעֲקֹב זֵייעֶרֶע זִינְד ׃
2 דָאךְ פָארְשֶׁען זֵייא מִיךְ אַלֶע טָאג,
אוּנְד פֶערְלַאנְגֶען צוּ וִויסֶען מֵיינֶע
וֶועגֶען, אַזוֹי וִויא אַ פָאלְק וָואס טְהוּט
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד וָואס הָאט נִיט
פֶערְלָאזֶען דָאס מִשְׁפָּט פוּן זַיין גָאט,
זֵייא פֶערְלַאנְגֶען פוּן מִיר גֶערֶעכְטֶע
מִשְׁפָּטִים, זֵייא הָאבֶּען לוּסְט זִיךְ צוּ
גָאט צוּ גֶענֶעהֶען ׃

3 פַאר וָואס הָאבֶּען מִיר גֶעפַאסְט
אוּנְד דוּא זֶעהְסְט עֶס נִיט ? מִיר הָאבֶּען
גֶעפֵּיינִיגְט אוּנְזֶערֶע לֵייבֶּער אוּנְד דוּא
ווילְסְט עֶס נִיט וויסֶען ? זֶעהְט אִין
אֵייעֶר פַאסְט־טָאג גֶעפִינְט אִיהְר פֶּערְ־
גְנִיגֶען, אוּנְד אַלֶע אֵיירֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע
טְהוּט אִיהְר צְווינְגֶען ׃
4 זֶעהְט, אִיהְר פַאסְט צוּ קְרִיגֶען
אוּנְד צַאנְקֶען, אוּנְד צוּ שְׁלָאגֶען מִיט
דִיא פוֹיסְט פוּן רִשְׁעוּת, אִיהְר זָאלְט
נִיט פַאסְטֶען אַזוֹי וִויא אִיהְר טְהוּט
הֵיינְט אַז מֶען זָאל הֶערֶען אִין דֶער
הֵייךְ אֵייעֶר קוֹל ׃
5 זָאל דֶען דָאס דָאזִיגֶע זַיין אֵיין
פַאסְט־טָאג וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהְם
אוֹיסְדֶערְוֶויילְט ? אַ טָאג וָואס דֶער
מֶענְשׁ טְהוּט פֵּיינִיגֶען זַיין נֶפֶשׁ ? אִיז
עֶס אֵיינְצוּבֵּייגֶען זַיין קָאפּ אַזוֹי וִויא אַ
רָאהְר, אוּנְד זִיךְ אוּנְטֶערְצוּבֶּעטֶען מִיט
אַ זַאק אוּנְד אַשׁ ? ווילְסְט דוּא דָאס
אָנְרוּפֶען אַ פַאסְט, אוּנְד אַ יוֹם רָצוֹן
פַאר גָאט ?
6 אִיז דֶען נִיט דָאס דָאזִיגֶע אַ פַאסְט־
טָאג וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיסְדֶערְוֶויילְט ?
צוּ עֶפֶענֶען דִיא קְנִיפֶּען פוּן רִשְׁעוּת,
אוֹיפְצוּבִּינְדֶען דָאס בַּאנְד פוּן דֶעם
גֶעגֵייטֶען (יָאךְ), אוּנְד פְרֵייא אַוֶועקְ־
צוּשִׁיקֶען דִיא צוּשְׁלָאגֶענֶע אוּנְד אִיטְלִיכֶעס
יָאךְ אָפְּצוּרֵייסֶען ׃
7 אִיז עֶס נִיט (פִיל מֶעהְר) אַז דוּא
זָאלְסְט בְּרֶעכֶען דַיין בְּרוֹיט צוּ דֶעם
הוּנְגֶערִיגֶען, אוּנְד אַז דוּא זָאלְסְט
בְּרֶענְגֶען דִיא אָרֶעמֶע וָואס זֶענֶען נַע
וְנָד צוּ דַיין הוֹיז ; וֶוען דוּא וֶועסְט
זֶעהֶען אֵיין נַאקֶעטֶען אַזוֹי זָאלְסְט דוּא
אִיהְם בֶּעדֶעקֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ
נִיט בֶּעהַאלְטֶען פַאר דַיין אֵייגֶען פְלֵיישׁ ׃

8 דֶענְסמָאל וֶועט דֵיין לִיכְט אויס־
בְּרֶעכֶען אַזוי וִויא דָאס מָארְגֶענְלִיכְט,
אוּנְד דֵיינֶע פֶערְהֵיילוּנְג וֶועט גֶעשְׁוִוינְד
וַואקְסֶען, אוּנְד דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
וֶועט פַאר דִיר אַהֶערְגֵיין, אוּנְד דֶער
כָּבוֹד פוּן גָאט וֶועט דִיךְ אֵיינְזַאמֶעלְן׃
9 דֶענְסמָאל וֶועסְט דוּא רוּפֶען אוּנְד
גָאט וֶועט דִיר עֶנְטְפֶערְן, דוּא וֶועסְט
שְׁרֵייעֶן אוּנְד עֶר וֶועט זָאגֶען הִיעֶר
בִּין אִיךְ! וֶוען דוּא וֶועסְט אָפְּטְהוּן פוּן
צְוִוישֶׁען דִיר דָאס יָאךְ, דָאס אויס־
שְׁטְרֶעקֶען מִיט דֶעם פִינְגֶער, אוּנְד
דָאס אוּמְרֶעכְטֶע רֶעדֶען׃
10 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט אַהִינְרֵייכֶען
צוּ דֶעם הוּנְגְרִיגֶען דֵיין גוּטֶען וִוילֶען,
אוּנְד דוּא וֶועסְט זֶעטִיגֶען דָאס גֶע־
פֵּיינִיגְטֶע נֶפֶשׁ, אַזוי וֶועט דֵיין לִיכְט
שֵׁיינֶען אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד
דֵיינֶע טוּנְקֶעלְהֵייט וֶועט זֵיין וִויא דֶער
מִיטְטָאג׃
11 אוּנְד יְהוָֹה וֶועט דִיךְ תָּמִיד פִיהְרֶען,
אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ זַאט מַאכֶען זָאנַאר
אִין טְרוּקֶענֶע צֵייטֶען, אוּנְד עֶר וֶועט
דֵיינֶע בֵּיינֶער שְׁטַארְקֶען, אוּנְד דוּא
וֶועסְט זֵיין אַזוי וִויא אַ (גוּט) בֶּע־
וַואסֶערְטֶער גָארְטֶען, אוּנְד וִויא אֵיין
וַואסֶערקְוַואל וָואס זֵיינֶע וַואסֶערְן
פֶעהְלֶען נִיט׃
12 אוּנְד (דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דִיר)
זֵייא וֶועלֶען אויפְבּוֹיעֶן דִיא אֵייבִּיגֶע
חוּרְבוֹת, דִיא גְרוּנְדְפֶעסְטֶען פוּן פִילֶע
דוֹרוֹת וֶועסְט דוּא אויפְשְׁטֶעלֶען, אוּנְד
מֶען וֶועט דִיךְ רוּפֶען, דֶער צוּרֶעכְט־
מַאכֶער פוּן דִיא צוּבְּרָאכֶענֶע מוֹירֶען,
דֶער צוּרִיקבְּרֶענְגֶער פוּן דִיא וֶועגֶען
כְּדֵי זֵייא זָאלֶען וִוידֶער בֶּעוואוֹינְט וֶוערֶען׃
13 וֶוען דוּא וֶועסְט אַוֶועקְקֶעהְרֶען
דֵיין פוּס פוּן וֶועגֶען דֶעם שַׁבָּת, אוּנְד
נִיט צוּ טְהוּן דֵיינֶע לוּסְט אַן מֵיין
הֵיילִיגֶען טָאג, אוּנְד דוּא וֶועסְט רוּפֶען
צוּ דֶעם שַׁבָּת אֵיין עוֹנֶג, צוּ הֵיילִיגֶען
יְהוָֹה מִיט כָּבוֹד, אוּנְד דוּא וֶועסְט
אִיהְם פֶערְהֶערְלִיכֶען אוּם נִיט צוּ טְהוּן
דֵיינֶע וֶועגֶען, אוּנְד נִיט צוּ גֶעפִינֶען
דֵיינֶע לוּסְט אוּנְד נִיט אַ מָאל צוּ
רֶעדֶען דֵיינֶע (אֵייגֶענֶע) וֶוערְטֶער׃
14 דֶענְסְטמָאל וֶועסְט דוּא הָאבֶּען אַ
תַּעֲנוּג מִיט גָאט, אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ
מַאכֶען רֵייטֶען אויף דִיא הוֹיכֶע עֶרְטֶער
פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ
מַאכֶען עֶסֶען דִיא נַחֲלָה פוּן דֵיין
פָאטֶער יַעֲקֹב, וָוארִין דָאס מוֹיל פוּן
יְהוָֹה הָאט דָאס גֶערֶעט׃

קאפיטעל נט

1 זֶעה, דִיא הַאנְד פוּן גָאט אִיז נִיט
צוּ קוּרְץ אַז עֶר זָאל נִיט קֶענֶען
הֶעלְפֶען, אוּנְד זֵיין אוֹיעֶר אִיז נִיט
שְׁוֶוער (טוֹיב) צוּ הֶערֶען׃
2 נֵייעֶרְט אֵיירֶע זִינְדֶען הָאבֶּען גֶע־
מַאכְט אַ צְוִוישֶׁענְשֵׁייד צְוִוישֶׁען אֵייךְ
אוּנְד צְוִוישֶׁען אֵייעֶר גָאט, אוּנְד אֵיירֶע
זִינְד הָאבֶּען פֶערְבָּארְגֶען זֵיין פָּנִים פוּן
אֵייךְ כְּדֵי נִיט צוּ הֶערֶען׃
3 וָוארִין אֵיירֶע הֶענְד זֶענֶען אֵיינְ־
גֶערִיכְט מִיט בְּלוּט, אוּנְד אֵיירֶע פִינְגֶער
מִיט אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אֵיירֶע לִיפֶּען
רֶעדֶען פַאלְשֶׁעס, אוּנְד אֵיירֶע צוּנְגֶען
טְרַאכְטֶען אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃
4 קֵיינֶער רוּפְט נִיט מִיט גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט, אוּנְד קֵיינֶער וֶוערְט נִיט גֶעמִשְׁפָּט
מִיט טְרֵייהֵייט, מֶען פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ
אויף נַארִישְׁקֵייט, אוּנְד מֶען רֶעט
פַאלְשְׁקֵייט, מֶען אִיז טְרָאגֶעדִיג מִיט
מִידִיגְקֵייט אוּנְד מֶען גֶעוִוינְט אוּמְרֶעכְט׃

5 זֵייא שְׁפַּאלְטֶען אויף דִיא אֵייעֶר פון פַארְבֶּענשְׁלַאנְגֶען, אונְד זֵייא וֶועבֶּען שְׁפִּינֶען־גֶעוֶועבּ, דֶער וָואס עֶסְט פון זֵיירֶע אֵייעֶר מוז שְׁטַארְבֶּען, אונְד דָאס וָואס אִיז צוּקְוֶועטְשְׁט פון דֶעם גֵייט אַרוֹיס אֵיין אָטֶער־שְׁלַאנְג׃

6 (פון) זֵייעֶר שְׁפִּינְגֶעוֶועבּ קֶען נִיט זֵיין אַ קְלֵייד, אונְד מֶען קֶען זִיךְ נִיט צוּדֶעקֶען מִיט זֵיירֶע מַעֲשִׂים, וָוארִין זֵיירֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען אוּנְגֶערֶעכְטֶע וֶוערְקֶע, אוּנְד אַ וֶוערְק פוּן רוֹיבֶּערֵייא אִיז אִין זֵיירֶע הֶענְד׃

7 זֵיירֶע פִיס לוֹיפֶען צוּ דֶעם שְׁלֶעכְטֶען, אוּנְד זֵייא אֵיילֶען זִיךְ אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס בְּלוּט צוּ פֶערְגִיסֶען, זֵיירֶע גֶעדַאנְקֶען זֶענֶען אוּנְגֶערֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען, צוּשְׁטֶערוּנְג אוּנְד בְּרֶעכֶענִים אִיז אִין זֵיירֶע שְׁטֶעגֶען׃

8 דֶעם וֶועג פוּן שָׁלוֹם קֶענֶען זֵייא נִיט, אוּנְד עֶס אִיז קֵיין מִשְׁפָּט נִיט דָא אִין זֵיירֶע שְׁטֶעגֶען, זֵיירֶע וֶועגֶען הָאבֶּען זֵייא פַאר זִיךְ אַלֵיין פֶערקְרִימְט, אִיטְלִיכֶער וָואס טְרֶעט אוֹיף דֶעם (וֶועג) ווייס נִיט פוּן קֵיין שָׁלוֹם׃

9 דַארִיבֶּער אִיז דָאס מִשְׁפָּט דֶערְוַוייטֶערְט פוּן אוּנְס, אוּנְד דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דֶערגְרֵייכְט אוּנְס נִיט, מִיר הָאבֶּען גֶעהָאפְט אוֹיף לִיכְט, אוּנְד וֶועה, עֶס אִיז פִינְסְטֶער, אוֹיף לֵייכְטוּנְג, אָבֶּער מִיר גֵייעֶן אַרוּם אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִים׃

10 מִיר טַאפֶּען דִיא וַואנְד אַזוֹי וִויא בְּלִינְדֶע, אוּנְד אַזוֹי וִויא דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע אוֹיגֶען טְהוּן מִיר טַאפֶּען, מִיר שְׁטְרוֹיכֶעלְן אִין מִיטְטָאג אַזוֹי וִויא אִין דֶער נַאכְט, מִיר זֶענֶען אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִים אַזוֹי וִויא דִיא מֵתִים׃

11 מִיר אַלֶע בְּרוּמֶען אַזוֹי וִויא דִיא בֶּערֶען, אוּנְד מִיר טְהוּן פִּיפְּשֶׁען אַזוֹי וִויא דִיא טוֹיבֶּען; מִיר הָאבֶּען גֶעהָאפְט אוֹיף מִשְׁפָּט אוּנְד עֶס אִיז נִיט דָא, אוֹיף הִילְף אָבֶּער עֶס אִיז וַוייט פוּן אוּנְס׃

12 וָוארִין אוּנְזֶערֶע זִינְד אִיז פִיל פַאר דִיר, אוּנְד אוּנְזֶערֶע חַטָאִים זָאגֶען עֵדוּת קֶעגֶען אוּנְס, וָוארִין אוּנְזֶערֶע זִינְד זֶענֶען מִיט אוּנְס אוּנְד אוּנְזֶערֶע עֲוֹנוֹת זֶענֶען צוּ אוּנְס בֶּעקַאנְט׃

13 מִיר הָאבֶּען מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען אוּנְד גֶעלֵייקֶענְט קֶעגֶען גָאט, אוּנְד מִיר הָאבֶּען אוּנְס אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן הִינְטֶער אוּנְזֶער גָאט, אוּנְד גֶערֶעט אוּמְרֶעכְט אוּנְד אָפְּקֶעהְרֶענְדֶעס, מִיר טְרַאכְטֶען אוּנְד רֶעדֶען פוּן דֶעם הַארְץ פַאלְשֶׁע זַאכֶען׃

14 דַארִיבֶּער אִיז דָאס מִשְׁפָּט הִינְטֶער זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז פוּן וַוייטֶען גֶעשְׁטַאנֶען; וָוארִין דֶער אֶמֶת הָאט גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט אִין דֶער גַאס, אוּנְד דִיא רֶעכְטפַארְטִיגְקֵייט הָאט נִיט גֶעקַאנְט אָנְקוּמֶען׃

15 אוּנְד דֶער אֶמֶת הָאט זִיךְ גֶעמִינְגֶערְט, אוּנְד דֶער וָואס קֶעהְרְט זִיךְ אָפּ פוּן שְׁלֶעכְטֶען דֶער לָאזְט זִיךְ רוֹיבֶּען, אוּנְד גָאט הָאט עֶס גֶעזֶעהֶען, אוּנְד עֶס אִיז אִיבֶּעל גֶעפַאלֶען אִין זֵיינֶע אוֹיגֶען וַוייל עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין מִשְׁפָּט׃

16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶס אִיז נִיט דָא גֶעוֶועזֶען אַ מֶענְשׁ, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ פֶערוְואוּנְדֶערְט אַז עֶס אִיז נִיט דָא אֵיינֶער וָואס זָאל בֶּעטֶען,

אַזוי הָאט אִיהְם זַיין אֵייגֶענֶער אָרֶעם
גֶעהאָלְפֶען, אוּנְד זַיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקַייט
זִיא הָאט אִיהְם אוּנְטֶערְגֶעלֶעהְנְט׃
17 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעטְהוּן גֶע־
רֶעכְטִיגְקַייט וִויא אַ פַּאנְצֶער, אוּנְד אַ
הִיטֶעל פוּן הִילְף אוֹיף זַיין קָאפּ, אוּנְד
עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעקְלֵייד מִיט קְלֵיידֶער
פוּן נְקָמָה, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אֵיינְ־
גֶעהִילְט מִיט קִנְאָה וִויא מִיט אַ
מַאנְטֶעל׃
18 לוֹיט וִויא מֶען הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי
וֶועט עֶר בֶּעצָאלֶען גְרִימְצָארְן צוּ
זַיינֶע שׂוֹנְאִים, אַ בֶּעצָאלוּנְג צוּ זַיינֶע
פֵיינְד, צוּ דִיא אִינְזֶעל־פֶעלְקֶער וֶועט
עֶר בֶּעצָאלֶען אַ בֶּעצָאלוּנְג׃
19 אוּנְד זַייא וֶועלֶען מוֹרָא הָאבֶּען
פַאר דֶעם נָאמֶען יְהוָֹה פוּן מַעֲרָב־זַייט,
אוּנְד פוּן מִזְרַח־זַייט פַאר זַיין כָּבוֹד,
וֶוען דֶער פֵיינְד וֶועט אַרַיינְקוּמֶען וִויא
אַ טַייךְ (אַזוֹי וֶועט אִיהְם) דֶער רוּחַ
פוּן יְהוָֹה פֶערְטְרַייבֶּען׃
20 אוּנְד דֶער אוֹיסְלֵייזֶער וֶועט קוּמֶען
צוּ צִיוֹן, אוּנְד צוּ דִיא וָואס טְהוּעֶן
אַוֶועקְקֶעהְרֶען פוּן זִינְד אִין יַעֲקֹב, זָאגְט
יְהוָֹה׃
21 אָבֶּער אִיךְ—דָאס אִיז מֵיין בְּרִית
מִיט זַייא, זָאגְט יְהוָֹה, מֵיין רוּחַ (הַקוֹדֶשׁ)
וָואס אִיז אוֹיף דִיר, אוּנְד מֵיינֶע וֶוערְטֶער
וָואס אִיךְ הָאבּ אַרַיינְגֶעטְהוּן אִין דֵיין
מוֹיל, זָאלֶען נִיט אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען פוּן
דֵיין מוֹיל, אוּנְד פוּן דֶעם מוֹיל פוּן
דֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד פוּן דֶעם מוֹיל
פוּן דֵיינֶע קִינְד'ס קִינְדֶער, זָאגְט גָאט,
פוּן אַצוּנְד אָן בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג׃

## קאפּיטעל ס

1 שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד לֵייכְט, וָוארִין
דֵיין לִיכְט אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד דֶער
כָּבוֹד פוּן גָאט הָאט אוֹיף דִיר גֶעשַׁיינְט׃
2 וָוארִין זֶעה, דִיא פִינְסְטֶערְנִיס וֶועט
בֶּעדֶעקֶען דִיא עֶרְד, אוּנְד אַ דִיקֶער
גֶענֶעבֶּעל דִיא פֶעלְקֶערְשַׁאפְטֶען, אָבֶּער
אִיבֶּער דִיר וֶועט גָאט שַׁיינֶען, אוּנְד
זַיין כָּבוֹד וֶועט אוֹיף דִיר גֶעזֶעהֶען
וֶוערֶען׃
3 אוּנְד דִיא גוֹיִם וֶועלֶען קוּמֶען צוּ
דֵיין לִיכְט, אוּנְד מְלָכִים צוּ דֶעם
שַׁיינֶען פוּן דֵיינֶע לִיכְטִיגְקַייט׃
4 הֵייבּ אוֹיף דֵיינֶע אוֹיגֶען אַרִינְגְס
אַרוּם אוּנְד זֶעה, זַייא אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ
פֶערְזַאמֶעלְט, זַייא קוּמֶען צוּ דִיר,
דֵיינֶע זִיהְן וֶועלֶען קוּמֶען פוּן וַוייטֶען,
אוּנְד דֵיינֶע טֶעכְטֶער וֶועלֶען גֶערְצוֹיגֶען
וֶוערֶען בֵּייא דֵיינֶער זַייט׃
5 דֶענְסְטְמָאל וֶועסְט דוּא עֶס זֶעהֶען,
אוּנְד דוּא וֶועסְט לֵייכְטֶען, אוּנְד דֵיין
הַארְץ וֶועט דֶערשְׁרֶעקֶען אוּנְד אוֹיסְ־
גֶעבְּרֵייט וֶוערֶען, דֶען דֶער רֵייכְטוּם
פוּן דֶעם יַם וֶועט צוּ דִיר גֶעקֶעהְרְט
וֶוערֶען, דָאס פֶערְמֶעגֶען פוּן דִיא גוֹיִם
וֶועט צוּ דִיר קוּמֶען׃
6 דִיא פוּלְהַייט פוּן קֶעמֶעלְן וֶועלֶען
דִיךְ בֶּעדֶעקֶען, דִיא יוּנְגֶע קֶעמְלֶעךְ
פוּן מִדְיָן אוּנְד עֵיפָה, זַייא וֶועלֶען אַלֶע
קוּמֶען פוּן שְׁבָא, זַייא וֶועלֶען טְרָאגֶען
גָאלְד אוּנְד וֵויירוֹיךְ, אוּנְד זַייא וֶועלֶען
מְבַשֵׂר זַיין גָאט'ס לוֹיבּ׃
7 אַלֶע שָׁאף פוּן קֵדָר וֶועלֶען צוּ דִיר
אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶוערֶען, דִיא וִוידֶער פוּן
נְבָיוֹת וֶועלֶען דִיךְ בֶּעדִינֶען, זַייא וֶועלֶען
אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען אוֹיף מֵיין מִזְבֵּחַ
צוּם וְואוֹילְגֶעפַאלֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
פֶערְהֶערְלִיכֶען דָאס הוֹיז פוּן מֵיינֶע
שַׁיינְהַייט׃
8 וֶוער זֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע וָואס

פְלִיהֶען ווִיא אַ וָואלְקֶען, אוּנְד ווִיא טוֹיבֶּען צוּ זֵייעֶרֶע פֶענְסְטֶער :

9 וָוארִין צוּ מִיר וֶועלֶען דִיא אִינְזֶעלְן הָאפֶען, אוּנְד דִיא שִׁיפֶען פוּן תַּרְשִׁישׁ צוּ עֶרְשְׁט, דֵיינֶע זִיהְן פוּן ווייטֶען צוּ בְּרֶענְגֶען, זֵייעֶר זִילְבֶּער אוּנְד זֵייעֶר גָאלְד מִיט זֵייא, צוּ דֶעם נָאמֶען פוּן יְהוָֹה דֵיין גָאט, אוּנְד צוּ דֶעם הֵיילִיגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל ווייל עֶר הָאט דִיךְ בֶּעשֵׁיינְט :

10 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן פְרֶעמְדֶע וֶועלֶען אוֹיפְבּוֹיעֶן דֵיינֶע מוֹיעֶרְן, אוּנְד זֵייעֶרֶע מְלָכִים וֶועלֶען דִיךְ בֶּעדִינֶען, וָוארִין אִין מֵיין צָארְן הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען, אָבֶּער אִין מֵיין ווָאוילְגֶעפַאלֶען הָאבּ אִיךְ מִיךְ אִיבֶּער דִיר דֶערְבַּארְמְט :

11 אוּנְד דֵיינֶע טוֹיעֶרְן וֶועלֶען תָּמִיד אָפֶען זַיין, בֵּייא טָאג אוּנְד בֵּייא נַאכְט וֶועלֶען זֵייא נִיט צוּגֶעשְׁלָאסֶען זַיין, כְּדֵי צוּ דִיר צוּ בְּרֶענְגֶען דָאס פֶערְמֶעגֶען פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד אַז זֵייעֶרֶע מְלָכִים זָאלֶען גֶעבְּרֶענְגְט וֶוערֶען :

12 וָוארִין דָאס פָאלְק אוּנְד דָאס קֶענִיגְרֵייךְ וָואס וֶועט דִיר נִיט וֶועלֶען דִינֶען זָאל פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען, אוּנְד דִיא גוֹיִם זָאלֶען אִים גַאנְצֶען חָרוּב וֶוערֶען :

13 דֶער כָּבוֹד פוּן לְבָנוֹן וֶועט צוּ דִיר קוּמֶען, דִיא בֵּיימֶער וָואס הֵייסֶען בְּרוֹשׁ תִּדְהָר אוּנְד תְּאַשּׁוּר צוּזַאמֶען, כְּדֵי צוּ פֶערְהֶערְלִיכֶען דֶעם אָרְט פוּן מֵיינֶע הֵיילִיגְקַייט, אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְהֶערְלִיכֶען דֶעם אָרְט פוּן מֵיינֶע פִים :

14 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן דִיא וָואס הָאבֶען דִיךְ גֶעפֵּיינִיגְט, וֶועלֶען צוּ דִיר קוּמֶען אַנִידֶערְגֶעבֵּייגְט, אוּנְד אַלֶע וָואס הָאבֶען דִיךְ פֶערַאכְט וֶועלֶען זִיךְ בִּיקֶען צוּ דֵיינֶע פוּסְבַּאלֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דִיךְ רוּפֶען דִיא שְׁטָאט פוּן יְהוָֹה, צִיוֹן פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל :

15 ווייל דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אַ פֶערְלָאזְטֶע אוּנְד אַ פֶערְהַאסְטֶע אוּנְד קֵיינֶער אִיז אִיבֶּערְגֶעפָאהְרֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיךְ מַאכֶען צוּ אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע גְרוֹיסְקַייט, אַ פְרֵייד צוּ דוֹר דוֹרוֹת :

16 אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵייגֶען דִיא מִילְךְ פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד דִיא בְּרוּסְטֶען פוּן מְלָכִים וֶועסְט דוּא אוֹיךְ זֵייגֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט ווִיסֶען אַז אִיךְ יְהוָֹה בִּין דֵיין הֶעלְפֶער, אוּנְד דֵיין דֶערְלֵייזֶער, דֶער שְׁטַארְקֶער (גָאט) פוּן יַעֲקֹב :

17 פַאר קוּפֶער וֶועל אִיךְ בְּרֶענְגֶען גָאלְד, אוּנְד פַאר אַייזֶען וֶועל אִיךְ בְּרֶענְגֶען זִילְבֶּער, אוּנְד פַאר הָאלְץ קוּפֶער, אוּנְד פַאר שְׁטֵיינֶער אַייזֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען דֵיינֶע בֶּעפֶעהְלֶערְס שָׁלוֹם, אוּנְד דֵיינֶע בֶּעצְווִינְגֶערְס גֶערֶעכְטִיגְקֵייט :

18 עֶס וֶועט אִין דֵיין לַאנְד נִיט מֶעהְר גֶעהֶערְט וֶוערֶען פוּן גְזֵלָה, צוּשְׁטֶערוּנְג, אוּנְד בְּרֶעכֶענִים אִין דֵיינֶע גְרֶענְעֶצֶען, נֵייעֶרְט דוּא וֶועסְט רוּפֶען דֵיינֶע מוֹיעֶרְן הִילְף, אוּנְד דֵיינֶע טוֹיעֶרְן לוֹיבּ :

19 דִיא זוּן וֶועט צוּ דִיר נִיט מֶעהְר זַיין פַאר אַ לִיכְט בֵּייא טָאג, אוּנְד דֶער שֵׁיין פוּן דִיא לְבָנָה וֶועט נִיט צוּ דִיר בְּרוֹיכֶען צוּ לֵייכְטֶען, נֵייעֶרְט יְהוָֹה וֶועט צוּ דִיר זַיין פַאר אֵיין אֵייבִּיגֶעס לִיכְט, אוּנְד דֵיין גָאט וֶועט זַיין דֵיינֶע שֵׁיינְקַייט :

20 דֵיינֶע זוּן וֶועט נִיט מֶעהְר אוּנְטֶערְגֵיין אוּנְד דֵיינֶע לְבָנָה וֶועט אוֹיךְ נִיט פֶערְגֵיין, וָוארִין יְהוָֹה וֶועט זַיין צוּ

דִיר פַאר אֵיין אֵייבִּיגֶעס לִיכְט, אוּנְד
דִיא טֶעג פוּן דֵיינֶע טְרוֹיעֶרִיגְקֵייט וָועלֶען
זִיךְ אוֹיסְלָאזֶען :

21 אוּנְד דֵיין פָאלְק וָועלֶען אַלֶע זֵיין
צַדִיקִים, זֵייא וָועלֶען אוֹיף אֵייבִּיג
יַרְשְׁנ'ן דָאס לַאנְד, (זֵייא זֶענֶען) דִיא
צְווַייג פוּן מֵיינֶע פְּלַאנְצוּנְג, דָאס וָוערְק
פוּן מֵיינֶע הֶענְד, אַז אִיךְ זָאל פֶערְ־
הֶערְלִיכְט וָוערֶען :

22 אַ קְלֵיינֶער וֶועט וָוערֶען צוּ אַ
טוֹיזֶענְד, אוּנְד דֶער יוּנְגְסְטֶער וֶועט
וָוערֶען צוּ אַ שְׁטַארְק פָאלְק, אִיךְ יְהוָֹה
וָועל עֶס אֵיילֶען אִין זֵיינֶע צֵייט :

## קאפיטעל סא

1 דֶער גֵייסְט (רוּחַ הַקוֹדֶשׁ) פוּן דֶעם
הַאר גָאט אִיז אוֹיף מִיר, ווייל יְהוָֹה
הָאט מִיךְ גֶעזַאלְבְּט מְבַשֵׂר צוּ זֵיין צוּ
דִיא וָואס הָאבֶּען אַ נִידֶערִיג גֶעמִיט,
עֶר הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט צוּ פֶערְבִּינְדֶען
דִיא צוּבְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער, אוֹיסְצוּרוּפֶען
צוּ דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע אַ פְרֵייהֵייט, אוּנְד
דָאס גֶעפֶענְקֶענִיס אוֹיפְצוּמַאכֶען צוּ
דִיא גֶעבּוּנְדֶענֶע :

2 אוֹיסְצוּרוּפֶען אַ יָאהְר פוּן ווָאוּוִיל־
גֶעפַאלֶען פוּן גָאט, אוּנְד אַ טָאג פוּן
נְקָמָה פוּן אוּנְזֶער גָאט, צוּ טְרֵייסְטֶען
אַלֶע טְרוֹירִיגֶע (אֲבֵלִים) :

3 צוּ בֶּעשְׁטִימֶען פַאר דִיא טְרוֹירִיגֶע
אִין צִיוֹן, צוּ זֵייא צוּ גֶעבֶּען שֵׁיינְקֵייט
פַאר אַשׁ, פְרֵיידִיגֶעס אֵייל פַאר טְרוֹי־
רִיגְקֵייט, אַ מַאנְטֶעל פוּן לוֹיבּ פַאר אַ
טוּנְקֶעל גֶעמִיט, אוּנְד מֶען וֶועט זֵייא
אָנְרוּפֶען בֵּיימֶער פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט,
אַ פְלַאנְצוּנְג פוּן יְהוָֹה, כְּדֵי עֶר זָאל
פֶערְהֶערְלִיכְט וָוערֶען :

4 אוּנְד זֵייא וָועלֶען אוֹיפְבּוֹיעֶן דִיא
אַלְטֶע חוּרְבוֹת, זֵייא וָועלֶען אוֹיפְ־
שְׁטֶעלֶען דִיא פְרִיהֶערִיגֶע פֶערְוִויסְטוּנְגֶען,
אוּנְד זֵייא וָועלֶען פֶערְרִיכְטֶען דִיא
חָרוּבֶע שְׁטֶעט, דִיא פֶערְוִויסְטוּנְגֶען פוּן
אַלְטֶע דוֹרוֹת :

5 אוּנְד פְרֶעמְדֶע וָועלֶען שְׁטֵיין אוּנְד
פַאשֶׁען אֵיירֶע שָׁאף, אוּנְד דִיא זִיהְן
פוּן פְרֶעמְדֶע וָועלֶען זֵיין אֵיירֶע אַקֶערְס־
לֵייט אוּנְד אֵיירֶע ווֵיינְגֶערְטְנֶערְס :

6 אָבֶּער אִיהְר וֶועט גֶערוּפֶען וָוערֶען
דִיא כֹּהֲנִים פוּן יְהוָֹה, מֶען וֶועט אֵייךְ
אָנְרוּפֶען דִיא בֶּעדִינֶערְס פוּן אוּנְזֶער
גָאט, אִיהְר וֶועט עֶסֶען דָאס פֶערְמֶעגֶען
פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד אִין זֵייעֶר כָּבוֹד
וֶועט אִיהְר אֵייךְ בֶּערִימֶען :

7 פַאר אֵיירֶע בּוּשָׁה וֶועט אִיהְר
בֶּעקוּמֶען טָאפֶּעלְט, אוּנְד פוּן וֶועגֶען
דֶער שַׁאנְד זָאלְט אִיהְר זִינְגֶען אִין
זֵייעֶר חֵלֶק, דַארִיבֶּער וֶועט אִיהְר
טָאפֶּעלְטֶעס יַרְשְׁנ'ן אִין זֵייעֶר לַאנְד,
עֶס וֶועט צוּ זֵייא זֵיין אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע
פְרֵייד :

8 וָוארִין אִיךְ בִּין יְהוָֹה וָואס הָאבּ
לִיבּ מִשְׁפָּט, אִיךְ הָאבּ פֵיינְד אַ גְזֵלָה
פַאר אַ קָרְבָּן עוֹלָה, אוּנְד אִיךְ וָועל
בֶּעצָאלֶען זֵייעֶרֶע אַרְבֵּייט מִיט אֶמֶת,
אוּנְד אִיךְ וָועל מִיט זֵייא מַאכֶען אֵיין
אֵייבִּיגֶען בְּרִית :

9 אוּנְד זֵייעֶרֶע קִינְדֶער וָועלֶען בֶּעקַאנְט
וָוערֶען צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם, אוּנְד זֵייעֶרֶע
קִינְדֶערְס קִינְדֶער צְווִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער,
אַלֶע וָואס וָועלֶען זֵייא זֶעהֶען וָועלֶען
זֵייא דֶערְקֶענֶען אַז זֵייא זֶענֶען דֶער
זָאמֶען וָואס יְהוָֹה הָאט גֶעבֶּענְשְׁט :

10 אִיךְ וָועל מִיךְ זֶעהְר פְרֵייעֶן אִין
יְהוָֹה, מֵיין נֶפֶשׁ וֶועט פְרֵייליךְ זֵיין אִין
מֵיין גָאט, וָוארִין עֶר הָאט מִיךְ אָנְגֶ־
גֶעקְלֵיידֶעט מִיט אַ קְלֵייד פוּן הִילְף,

מִיט אַ מאַנְטֶעל פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
הָאט עֶר מִיךְ אֵיינְגֶעהִילְט, אַזוֹי וִויא
אַ חָתָן טְהוּט זִיךְ בֶּעשֵׁיינֶען מִיט
שֵׁיינְקֵייט אוּנְד אַזוֹי וִויא אַ כַּלָּה צִירְט
זִיךְ אָן מִיט אִיהְרֶע צִירוּנְג:
11 וָוארִין אַזוֹי וִויא דִיא עֶרְד בְּרֶענְגְט
אַרוֹיס אִיהְרֶע גֶעוֶועקְס, אוּנְד אַזוֹי וִויא
אַ גָארְטֶען שְׁפְּרָאצְט אַרוֹיס זַיין גֶעזַייעֶטֶעס, אַזוֹי וֶועט דֶער הַאר גָאט
לָאזֶען אַרוֹיסשְׁפְּרָאצֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
אוּנְד לוֹיבּ אַנְטְקֶעגֶען אַלֶע פֶעלְקֶער:

קאפיטעל סב

1 פוּן צִיוֹן'ס וֶועגֶען וֶועל אִיךְ נִיט
שְׁווַייגֶען, אוּנְד פוּן יְרוּשָׁלַיִם'ס וֶועגֶען
וֶועל אִיךְ נִיט שְׁטִיל שְׁווַייגֶען, בִּיז
אִיהְרֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וֶועט אַרוֹיסְגֵיין
וִויא אַ גְלַאנְץ, אוּנְד אִיהְרֶע הִילְף אַזוֹי
וִויא אַ פְלַאם וָואס בְּרֶענְט:
2 אוּנְד דִיא גוֹיִם וֶועלֶען זֶעהֶען דֵיינֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד אַלֶע מְלָכִים דֵיין
כָּבוֹד, אוּנְד דוּא וֶועסְט אָנְגֶערוּפֶען
וֶוערֶען מִיט אַ נֵייעֶם נָאמֶען וָואס
גָאט'ס מוֹיל וֶועט בֶּעשְׁטִימֶען:
3 אוּנְד דוּא וֶועסְט זַיין אַ הֶערְלִיכֶע
קְרוֹין אִין דִיא הַאנְד פוּן יְהֹוָה, אוּנְד
אַ קֶענִיגְלִיכֶער הוּט אִין דִיא הַאנְד פוּן
דֵיין גָאט:
4 מֶען וֶועט נִיט מֶעהְר צוּ דִיר זָאגֶען,
פֶערְלָאזְטֶע, אוּנְד צוּ דֵיין לַאנְד וֶועט
מֶען נִיט מֶעהְר זָאגֶען, פֶערְווִיסְטוּנְג,
נֵייעֶרְט מֶען וֶועט דִיךְ רוּפֶען חֶפְצִי־בָהּ,
אוּנְד דֵיין לַאנְד בְּעוּלָה, וָוארִין יְהֹוָה
הָאט לוּסְט צוּ דִיר, אוּנְד דֵיין לַאנְד
וֶועט (ווִידֶער) בֶּעמַאנְט וֶוערֶען:
5 וָוארִין אַזוֹי וִויא אַ בָּחוּר בֶּעמַאנְט
אַ בְּתוּלָה, אַזוֹי וֶועלֶען דִיךְ דֵיינֶע
קִינְדֶער בֶּעמַאנֶען, אוּנְד אַזוֹי וִויא אַ
חָתָן פְרֵייעֶט זִיךְ אִיבֶּער דֶער כַּלָּה, אַזוֹי
וֶועט זִיךְ דֵיין גָאט פְרֵייעֶן אִיבֶּער דִיר:
6 אִיךְ הָאבּ אוֹיף דֵיינֶע מוֹיעֶרְן
בֶּעפוֹילֶען וֶועכְטֶערְס, אָ יְרוּשָׁלַיִם! זֵייא
וֶועלֶען תָּמִיד נִיט שְׁטִיל שְׁווַייגֶען דֶעם
גַאנְצֶען טָאג אוּנְד דִיא גַאנְצֶע נַאכְט,
אִיהְר וָואס זֶענְט יְהֹוָה'ס דֶערְמַאנֶערְס
אִיהְר זָאלְט נִיט שְׁווַייגֶען:
7 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אִיהְם נִיט לָאזֶען
שְׁווַייגֶען, בִּיז עֶר וֶועט צוּבֶּערֵייטֶען
אוּנְד בִּיז עֶר וֶועט מַאכֶען יְרוּשָׁלַיִם אַ
לוֹיבּ אוֹיף דֶער עֶרְד:
8 יְהֹוָה הָאט גֶעשְׁוָוארֶען בֵּייא זֵיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד בֵּייא דֶעם אָרֶעם
פוּן זֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט, אוֹיבּ אִיךְ וֶועל
נָאךְ אַ מָאל גֶעבֶּען דֵיין קָארְן אַלְס
עֶסֶען צוּ דֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד אוֹיבּ דִיא
זִיהְן פוּן פְרֶעמְדֶע וֶועלֶען טְרִינְקֶען דֵיין
וַויין פַאר וֶועלְכֶען דוּא הָאסְט דִיךְ
בֶּעמִיט (גֶעאַרְבֵּייט):
9 נֵייעֶרְט דִיא וָואס הָאבֶּען עֶס גֶעזַאמֶעלְט דִיא וֶועלֶען עֶס עֶסֶען אוּנְד
לוֹיבֶּען גָאט, אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען
עֶס אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶועלֶען עֶס טְרִינְקֶען
אִין מֵיין הֵיילִיגֶען הוֹיף:
10 גֵייט אַרִיבֶּער, גֵייט אַרִיבֶּער אִיבֶּער
דִיא טוֹיעֶרְן, מַאכְט בֶּערֵייט דֶעם וֶועג
פַאר דֶעם פָאלְק, שִׁיט אוֹיף! שִׁיט
אוֹיף דֶעם הוֹיכֶען וֶועג, נֶעמְט אַוֶועק
דִיא שְׁטֵיינֶער, הֵייבְּט אוֹיף אַ פָאהְן
פַאר דִיא פֶעלְקֶער:
11 זֶעהְט, יְהֹוָה הָאט עֶס גֶעמַאכְט
הֶערֶען בִּיז צוּ דֶעם עֶק פוּן דֶער עֶרְד,
זָאגְט צוּ דֶער טָאכְטֶער פוּן צִיוֹן, זֶעה,
דֵיין הֶעלְפֶער קוּמְט, זֶעה, זֵיין שְׂכַר אִיז
מִיט אִיהְם, אוּנְד זֵיין וֶוערְק אִיז פַאר
אִיהְם:

12 אונד מען וועט זייא רופען, דאס
היילינע פאלק, די דערלייזטע פון
יהוה, אונד דיך וועט מען רופען
אויסגעפארשטע, א שטאט וואס איז
ניט פערלאזען:

קאפיטעל סג

1 ווער איז דער דאזיגער וואס קומט
פון אדום, מיט געפארבטע קליידער
פון בצרה? דער דאזיגער וואס איז
בעשיינט אין זיינע קליידער, אונד
גייט ארום מיט זיין גרויסען כח?—
איך בין עס וואס רעדט מיט גע־
רעכטיגקייט, אונד בין שטארק צו
העלפען:
2 פאר וואס זענען דיינע קליידער
אזוי רויט, אונד דיינע קליידער אזוי
וויא דער וואס טרעט די קעלטער?
3 איך האב אליין געטרעטען די
וויינפרעס, אונד פון די פעלקער איז
קיינער ניט מיט מיר געוועזען, ווארין
איך האב זייא געטרעטען אין מיין
צארן, אונד זייא צוטרעטען אין מיין
גרימצארן, אונד אזוי האט פון זייער
בלוט געשפריצט אויף מיינע קליידער,
אונד אלע מיינע מלבושים זענען
איינגעריכט:
4 ווארין עס איז א טאג פון נקמה
אין מיין הארץ, אונד דאס יאהר פון
די אויסגעלייזטע איז אנגעקומען:
5 אונד איך האב געקוקט, אונד עס
איז קיין העלפער ניט דא געוועזען,
אונד איך האב מיך פערוואונדערט,
אונד עס איז ניט דא געוועזען קיין
אונטערהעלטער, אזוי האט מיר מיין
אייגענער ארעם געהאלפען, אונד מיין
גרימצארן האט מיך אונטערגעהאלטען:
6 אונד איך האב צוטרעטען פעלקער
אין מיין צארן, אונד איך האב זייא
צובראכען אין מיין גרימצארן, אונד
איך וועל ארונטערברענגען צו דער ערד
זייערע שטארקהייט:
7 איך וועל געדענקען דעם חסד פון
יהוה, אונד דעם לויב פון יהוה, נאך
אלעם וואס יהוה האט אונס פער־
גאלטען, אונד דאס גרויסע גוטקייט
צו דעם הויזגעזינד פון ישראל, וואס
ער האט צו זייא פערגאלטען אונד
נאך זיינע פילע חסדים:
8 ווארין ער האט געזאגט—זייא זענען
דאך מיין פאלק, קינדער וואס לייקענען
ניט, אזוי איז ער געווארען זייער
העלפער:
9 אין אלע זייערע צרות האט ער
(אויך) געליטען, אונד דער מלאך פון
זיין פנים האט זייא געהאלפען, אין
זיינע ליבשאפט אונד אין זיינע דער־
בארמונג האט ער זייא אויסגעלייזט,
אונד ער האט זייא אויפגעהויבען אונד
געטראגען אלע טעג פון אייביג אן:
10 אבער זייא האבען מורד געוועזען
אונד טרויריג געמאכט זיין רוח הקודש,
אזוי האט ער זיך קעגען זייא אומ־
געקעהרט אלס א פיינד, ער האט מיט
זייא מלחמה געהאלטען:
11 אונד ער האט געדענקט אן די
אלטע טעג, משה אונד זיין פאלק,
אוואו איז דער וואס האט זייא ארויפ־
געברענגט פון דעם ים מיט דעם
פאסטוך פון זיינע שאף? אוואו איז
דער וואס האט צווישען זייא געגעבען
זיין רוח הקודש?
12 וואס האט זייא געפיהרט דורך
די רעכטע האנד פון משה, מיט דעם
ארעם פון זיינע שיינהייט, ער האט

פַאר זֵייא גֶעשְׁפָּאלְטֶען דָאס וַואסֶער,
כְּדֵי זִיךְ צוּ מַאכֶען אַן אֵייבִּיגֶען
נָאמֶען:
13 עֶר הָאט זֵייא גֶעפִּיהְרְט דוּרְךְ דִיא
אָפּגְרוּנְדֶען, אַזוֹי ווִיא אַ פֶערְד אִין
דֶער מִדְבָּר אַז זֵייא זָאלֶען נִיט
שְׁטְרוֹיכֶעלְן:
14 אַזוֹי ווִיא אַ בְּהֵמָה נִידֶערְט אַרוּפּ
אִין דֶעם טָהָאל אַזוֹי הָאט אִיהְם דֶער
רוּחַ פוּן יְהוָֹה גֶעמַאכְט רוּהֶען, אַזוֹי
הָאסְט דוּא גֶעפִּיהְרְט דֵיין פָאלְק כְּדֵי
דִיר צוּ מַאכֶען אַ הֶערְלִיכֶען נָאמֶען:
15 קוּק אַרוּפּ פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד
זֶעה פוּן דֵיינֶער הֵיילִיגֶען אוּנְד הֶערְ־
לִיכֶען ווְאוֹינוּנְג, אַווְאוּ אִיז דֵיינֶע קִנְאָה
אוּנְד דֵיינֶע גְבוּרָה, דָאס בְּרוּמֶען פוּן
דֵיינֶע גֶעדֶערְם, אוּנְד דֵיין רַחֲמָנוּת?
הָאבֶען זֵייא זִיךְ קֶעגֶען מִיר אֵיינְ־
גֶעהַאלְטֶען?
16 פַארְוָואהְר, דוּא בִּיזְט דָאךְ אוּנְזֶער
פָאטֶער, חָאטְשֶׁע אַבְרָהָם הָאט אוּנְס
נִיט גֶעקֶענְט אוּנְד יִשְׂרָאֵל ווִיל אוּנְס
נִיט אַנֶערְקֶענֶען, דָאךְ בִּיזְט דוּא אָ
יְהוָֹה אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְזֶער דֶערְלֵייזֶער,
דָאס אִיז דֵיין נָאמֶען פוּן אֵייבִּיג אָן:
17 פַאר וָואס מַאכְסְט דוּא אוּנְס
פֶערְאִירֶען פוּן דֵיינֶע וֶועגֶען, אוּנְד
הָאסְט אוּנְזֶער הַארְץ הַארְט גֶעמַאכְט
אַז מִיר זָאלֶען פַאר דִיר קֵיין מוֹרָא
נִיט הָאבֶען? קֶעהְר דָאךְ ווִידֶער צוּ
דֵיינֶע קְנֶעכְט דִיא שְׁבָטִים פוּן דֵיין
נַחֲלָה:
18 נָאר אַ קְלֵיינֶע צֵייט הָאט דָאס
פָאלְק פוּן דֵיינֶע הֵיילִיגְקֵייט גֶעיַרְשְׁתּ,
אוּנְזֶערֶע פֵיינְד הָאבֶען צוּטְרֶעטֶען דֵיין
בֵּית הַמִּקְדָּשׁ:
19 מִיר גֶעהֶערֶען צוּ דִיר פוּן אֵייבִּיג
אָן, אִיבֶּער זֵייא הָאסְט דוּא קֵיין מָאל
גֶעוֶועלְטִיגְט, דֵיין נָאמֶען אִיז נִיט אוֹיף
זֵייא אָנְגֶערוּפֶען; הַלְוַאי וָואלְסְט דוּא
דִיא הִימֶעל צוּרִיסֶען, אוּנְד הֶעסְט
אַרוּפְּגֶענִידֶערְט, כְּדֵי דִיא בֶּערְג זָאלֶען
פַאר דִיר צוּרִינֶען:

## קאפיטעל סד

1 אַזוֹי ווִיא אַ פֵייעֶר פוּן שְׁטֶעקֶעלֶעךְ
בְּרֶענְט, אַז דָאס פֵייעֶר מַאכְט דָאס
וַואסֶער קָאכֶען, כְּדֵי בֶּעקַאנְט צוּ
מַאכֶען דֵיין נָאמֶען צוּ דֵיינֶע פֵיינְד,
פַאר דִיר זָאלֶען דִיא פֶעלְקֶער צִיטֶערְן:
2 ווֶען דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן פָארְכְ־
טֶערְלִיכֶע זַאכֶען אוֹיף וָואס מִיר הָאבֶען
נִיט גֶעהָאפְט, דוּא הָאסְט אַרוּפְּגֶענִידֶערְט,
דִיא בֶּערְג זֶענֶען פַאר דִיר צוּרִינֶען
גֶעוָוארֶען:
3 אוּנְד פוּן אֵייבִּיג אָן הָאבֶען זֵייא
עֶס נִיט גֶעהֶערְט, אוּנְד נִיט פֶערְנוּמֶען,
קֵיין אוֹיג הָאט עֶס אוֹיךְ נִיט גֶעזֶעהֶען,
אָ גָאט חוּץ דִיר, וָואס עֶר ווֶעט טְהוּן
צוּ אִיהְם וָואס הָאפְט אוֹיף אִיהְם:
4 דוּא טְרֶעפְסְט אָן דִיא וָואס פְרֵייעֶן
זִיךְ אוּנְד וָואס טְהוּעֶן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט,
אַזָאלְכֶע וָואס גֶעדֶענְקֶען דִיךְ אוֹיף
דֵיינֶע ווֶעגֶען, זֶעה, דוּא הָאסְט גֶעצְ־
צָארְנְט ווֵייל מִיר הָאבֶען גֶעזִינְדִיגְט,
אִין זֵייא אִיז אֵיין אֵייבִּיגֶער בֶּעשְׁטַאנְד,
אוּנְד מִיר ווֶערֶען גֶעהָאלְפֶען:
5 אָבֶּער מִיר זֶענֶען אַלֶע גֶעוָוארֶען
ווִיא אֵיין אוּמְרֵיינֶער, אוּנְד אַלֶע אוּנְזֶערֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז ווִיא אֵיין אֵיינְ־
גֶערִיכְטֶעטֶעס קְלֵייד, אוּנְד מִיר אַלֶע
ווֶערֶען פֶערְוֶועלְקְט אַזוֹי ווִיא אַ בְּלַאט,
אוּנְד אוּנְזֶערֶע זִינְד טְרָאגֶען אוּנְס
אַוֶועק ווִיא אַ ווִינְד:
6 אוּנְד עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט דָא וָואס

זאל

זָאל דֵיין נָאמֶען אָנְרוּפֶען, אַז עֶר זָאל
זִיךְ דֶערְוֶועקֶען זִיךְ אִין דִיר אָנְצוּ־
הַאלְטֶען, וָוארִין דוּא הָאסְט דֵיין פָּנִים
פוּן אוּנְס פֶערְבָּארְגֶען, אוּנְד מִיר זֶענֶען
צוּשְׁמָאלְצֶען גֶעוָוארֶען וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע
זִינְד:
7 אָבֶּער דוּא אָ יְהֹוָה, בִּיזְט דָאךְ
אוּנְזֶער פָאטֶער, מִיר זֶענֶען דָאס לֵיים
אָבֶּער דוּא בִּיזְט אוּנְזֶער טֶעפֶּער, אוּנְד
מִיר זֶענֶען אַלֶע דָאס וֶוערְק פוּן דֵיינֶע
הֶענְד:
8 אָ יְהֹוָה, דוּא זָאלְסְט נִיט זֶעהְר
צָארְנֶען! אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט אוֹיף
אֵייבִּיג גֶעדֶענְקֶען אוּנְזֶערֶע זִינְד, זֶעה,
קוּק דָאךְ אָן, מִיר זֶענֶען אַלֶע דֵיין
פָאלְק:
9 דֵיינֶע הֵיילִיגֶע שְׁטֶעט זֶענֶען אַ
מִדְבָּר, צִיוֹן אִיז אַ מִדְבָּר, יְרוּשָׁלַיִם אִיז
אַ וִויסְטֶענֵייא:
10 אוּנְזֶער הֵיילִיגֶעס אוּנְד אוּנְזֶער
שֵׁיינֶעס הוֹיז אַוְואוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת
הָאבֶּען דִיךְ גֶעלוֹיבְּט אִיז פֶערְבְּרֶענְט
גֶעוָוארֶען מִיט פֵייעֶר, אוּנְד אַלֶע
אוּנְזֶערֶע לִיבְּלִיכְקֵייטֶען זֶענֶען גֶעוָוארֶען
צוּ אַ חָרְבָּן:
11 ווִילְסְט דוּא דִיךְ אִיבֶּער דִיא דָאזִיגֶע
זַאכֶען אֵיינְהַאלְטֶען אָ יְהֹוָה? ווִילְסְט
דוּא שְׁוַוייגֶען אוּנְד אוּנְס אַזוֹי זֶעהְר
פֵּייניגֶען:

קאפיטעל סה

1 אִיךְ בִּין גֶעפָארְשְׁט פוּן דִיא וָואס
הָאבֶּען נִיט גֶעפְרֶעגְט אוֹיף מִיר, אִיךְ
בִּין גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען פוּן דִיא וָואס
הָאבֶּען מִיךְ נִיט גֶעזוּכְט, אִיךְ הָאבּ
גֶעזָאגְט, הִיעֶר בִּין אִיךְ, הִיעֶר בִּין אִיךְ,
צוּ אַ פָאלְק וָואס אִיז נִיט אָנְגֶערוּפֶען
בֵּייא מֵיין נָאמֶען:
2 אִיךְ הָאבּ אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט מֵיינֶע
הֶענְד דֶעם גַאנְצֶען טָאג, צוּ אַ פָאלְק
וָואס קֶעהְרְט אָפּ, וָואס גֵייעֶן אוֹיף אַ
וֶועג וָואס אִיז נִיט גוּט, נָאךְ זֵייעֶרֶע
אֵייגֶענֶע גֶעדַאנְקֶען:
3 אַ פָאלְק וָואס טְהוּט מִיךְ תָּמִיד
דֶערְצָארְנֶען פַאר מֵיין פָּנִים, זֵייא
שֶׁעכְטֶען אִין דִיא גֶערְטֶען, אוּנְד רֵייכֶערְן
אוֹיף דִיא צִיגֶעל:
4 וָואס בְּלֵייבֶּען צְוִוישֶׁען דִיא קְבָרִים,
אוּנְד נֶעכְטִיגֶען אִין דִיא בֶּעהַאלְטֶענֶע
עֶרְטֶער, וָואס עֶסֶען חַזִיר פְלֵיישׁ אוּנְד
יוֹךְ פוּן אוּמְווִירְדִיגְקֵייטֶען אִיז אִין זֵייעֶרֶע
כֵּלִים:
5 וָואס זָאגֶען, גֶענֶעהְן נִיט צוּ מִיר,
רִיהְר מִיךְ נִיט אָן, וָוארִין אִיךְ בִּין
הֵיילִיגֶער ווִיא דוּא, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען
אַ רוֹיךְ אִין מֵיינֶע נָאז, אַ פֵייעֶר וָואס
בְּרֶענְט דֶעם גַאנְצֶען טָאג:
6 זֶעה, דָאס אִיז פַאר מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען,
אִיךְ וֶועל נִיט שְׁוַוייגֶען, נֵייעֶרְט אִיךְ
וֶועל בֶּעצָאלֶען, אִיךְ וֶועל עֶס בֶּעצָאלֶען
אִין זֵייעֶר שׁוֹים:
7 אֵייעֶרֶע זִינְד אוּנְד דִיא זִינְד פוּן
אֵייעֶרֶע אָבוֹת צוּזַאמֶען, זָאגְט יְהֹוָה,
וָואס הָאבֶּען גֶערֵייכֶערְט אוֹיף דִיא
בֶּערְג, אוּנְד אוֹיף דִיא הֵייךְ הָאבֶּען
זֵייא מִיךְ גֶעלֶעסְטֶערְט, דַארוּם וֶועל
אִיךְ מֶעסְטֶען זֵייעֶרֶע עֶרְשְׁטֶע אַרְבֵּייט
אִין זֵייעֶר שׁוֹים:
8 אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה, אַזוֹי ווִיא מֶען
גֶעפִינְט אוֹיף אַ צְוַוייג צֵייטִיגֶע וַויינְ־
טְרוֹיבֶּען, אוּנְד מֶען זָאגְט, דוּא זָאלְסְט
עֶס נִיט פֶערְדַארְבֶּען, וָוארִין עֶס אִיז אַ
בְּרָכָה דַארִין, (גְרָאד) אַזוֹי וֶועל אִיךְ
טְהוּן פוּן וֶועגֶען מֵיינֶע קְנֶעכְט, אַז
אִיךְ זָאל נִיט אַלֶע פֶערְדַארְבֶּען:

9 איך וועל אַרויסבּרענגען פון יַעֲקֹב
קינדער, אונד פון יְהוּדָה אַ יוֹרֵשׁ פאַר
מיינע בּערג, אונד מיינע אויסדערוויילטע
וועלען עס יַרשנ'ן, אונד מיינע קנעכט
וועלען דאָרטען וואוינען:
10 אונד דער שָׁרוֹן וועט זיין צוּ אַ
וואוינונג פון שאָף, אונד דאס טהאָל
עָכוֹר פאַר אַ רוּהוּנג פון רינדער פאַר
מיין פאָלק וואס האָבּען מיך געזוכט:
11 אָבּער איהר זענט די וואס פער־
לאָזען גאָט, וואס פערגעסען מיין
הייליגען בּאַרג, וואס טהוּט אָנגרייטען
אַ טיש צוּ גַד, אונד איהר טהוּט אָנ־
פילען מיט וויין צוּ דעם מְנִי:
12 דאַרום וועל איך אייך ציילען צוּ
דעם שווערט, אונד איהר וועט אייך
אַלע צוּ דעם שעכטען אַנידערלייגען,
ווייל ווען איך האָבּ גערוּפען אונד
איהר האָט ניט געענטפערט, איך האָבּ
גערעט אונד איהר האָט ניט געהאָרכט,
נייערט איהר האָט שלעכטעס געטהון
אין מיינע אויגען, אונד איהר האָט
אויסדערוויילט דאס אין וועלכעס איך
האָבּ קיין געפאַלען:
13 דאַרום, אַזוֹי זאָגט דער האַר גאָט,
זעה, מיינע קנעכט וועלען עסען אָבּער
איהר וועט זיין הוּנגעריג, זעה, מיינע
קנעכט וועלען טרינקען אָבּער איהר
וועט זיין דורשטיג, זעה, מיינע קנעכט
וועלען זיך פרייען אָבּער איהר וועט
פערשעמט ווערען:
14 זעה, מיינע קנעכט וועלען זינגען
פון וועגען אַ גוּט האַרץ, אָבּער איהר
וועט שרייען פון וועגען האַרץ־ווייטאָג
אונד פון וועגען אַ צוּבּראָכען געמיט
וועט איהר שרייען (קלאָגען):
15 אונד איהר וועט איבּערלאָזען
אייער נאָמען צוּם שווערען פאַר מיינע
אויסדערוויילטע; אונד דער האַר גאָט
וועט דיך טייטען, אָבּער זיינע קנעכט
וועט ער אָנרוּפען מיט אַנאַנדערן
נאָמען:
16 אַז דער וואס בּענשט זיך אויף
דער ערד זאָל זיך בּענשען אין דעם
אֱמֶת'ן גאָט, אונד דער וואס שווערט
אויף דער ערד זאָל שווערען בּייא דעם
אֱמֶת'ן גאָט; ווייל די ערשטע צָרוֹת
וועלען פערגעסען ווערען, אונד זייא
וועלען פערבּאָרגען ווערען פון מיינע
אויגען:
17 וואָרין זעה, איך וועל בּעשאַפען
נייע הימעל אונד אַ נייע ערד, אונד
די ערשטע זאַכען וועלען ניט דער־
מאָנט ווערען אונד וועלען ניט אין
דעם האַרץ אויפגיין:
18 נייערט איהר וועט אייך פרייען
אונד פרייליך זיין אויף אייביג אין
דעם וואס איך וועל בּעשאַפען, וואָרין
זעה, איך וועל בּעשאַפען יְרוּשָׁלַיִם
אַ פרייליכקייט אונד איהר פאָלק אַ
פרייד:
19 איך וועל פרייליך זיין אין יְרוּשָׁלַיִם,
אונד וועל מיך פרייען מיט מיין פאָלק,
אונד עס וועט אין איהר ניט מעהר
געהערט ווערען אַ קול פון געוויין,
אונד אַ קול פון געשרייא:
20 עס וועט דאָרט ניט מעהר זיין
אַ יוּנג קינד פון (עטליכע) טעג, אונד
אַפילוּ איין אַלטער מאַן וואס וועט
ניט אויספילען זיינע טעג; וואָרין אַ
יוּנג וועט שטאַרבּען הוּנדערט יאָהר
אַלט, אָבּער אַ זינדיגער וואס איז
הוּנדערט יאָהר אַלט וועט פערשאָלטען
ווערען:

21 אוּנְד זַייא װֶעלֶען בּױעֶן הַײזֶער
אוּנְד זַייא װֶעלֶען זַייא בֶּעװױאוֹינֶען,
אוּנְד זַייא װֶעלֶען פְּלַאנְצֶען װַיינְגֶערְטֶען
אוּנְד װֶעלֶען עֶסֶען דִיא פְּרוּכְט פוּן
זַייא:
22 זַייא װֶעלֶען נִיט בּױעֶן אַז אֵיין
אַנְדֶערֶער זָאל בֶּעװױאוֹינֶען, אוּנְד זַייא
װֶעלֶען נִיט פְּלַאנְצֶען אַז אֵיין אַנְדֶערֶער
זָאל עֶסֶען, װָארִין אַזױ װִיא דִיא טֶעג
פוּן דֶעם בּױם אַזױ װֶעלֶען זַיין דִיא
טֶעג פוּן מֵיין פָאלְק, אוּנְד מֵיינֶע
אױסְדֶערְװֶעהלְטֶע װֶעלֶען (אַלְט װֶערֶען)
אױסְנִיצֶען דִיא װֶערְק פוּן זֵייעֶרֶע הֶענְד:
23 זַייא װֶעלֶען זִיךְ נִיט בֶּעמִיהֶען
אוּמְזִיסְט, אוּנְד װֶעלֶען נִיט גֶעװִינֶען צוּ
שְׁרֶעקֶענִיס; װָארִין זַייא זֶענֶען דֶער
זָאמֶען װָאס גָאט הָאט גֶעבֶּענְשְׁט,
אוּנְד זֵייעֶרֶע קִינְד'ס קִינְדֶער װֶעלֶען
(אױךְ זַיין) מִיט זַייא:
24 אוּנְד עֶס װֶעט זַיין אֵיידֶער זַייא
װֶעלֶען מִיךְ אָנְרוּפֶען װֶעל אִיךְ עֶנְטְפֶערְן,
אוּנְד װֶען זַייא װֶעלֶען נָאךְ רֶעדֶען
װֶעל אִיךְ עֶס הֶערֶען:
25 אַ װָאלְף אוּנְד אַ לֶעמֶעלֶע װֶעלֶען
זִיךְ צוּזַאמֶען פַאשֶׁען, אוּנְד דֶער לֵייבּ
װֶעט עֶסֶען שְׁטְרוֹי אַזױ װִיא אַ רִינְד,
אָבֶּער שְׁטױבּ װֶעט זַיין דָאס עֶסֶען פוּן
דֶער שְׁלַאנְג, זַייא װֶעלֶען קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס
טְהוּן אוּנְד זַייא װֶעלֶען נִיט פֶערְדַארְבֶּען
אַין מֵיינֶעם גַאנְצֶען הֵיילִיגֶען בַּארְג,
זָאגְט יְהֹוָה:

קאפיטעל סו

1 אַזױ זָאגְט יְהֹוָה, דֶער הִימֶעל אִיז
מֵיין טְרוֹין־שְׁטוּהְל אוּנְד דִיא עֶרְד אִיז
מֵיינֶע פוּס־בַּאנְק, װֶעלְכֶעס אִיז דָאס
הױז װָאס אִיהְר װִילְט מִיר בּױעֶן?
אוּנְד װֶעלְכֶעס אִיז דֶער אָרְט פוּן
מֵיינֶע רוּה?
2 װָארִין אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען
הָאט מֵיינֶע הַאנְד גֶעמַאכְט, אוּנְד אַלֶע
דִיא זַאכֶען זֶענֶען גֶעװֶעזֶען, זָאגְט יְהֹוָה,
אָבֶּער צוּ דֶעם דָאזִיגֶען אָרֶעמֶען מַאן
װֶעל אִיךְ קוּקֶען, אוּנְד װָאס הָאט אַ
צוּבְּרָאכֶען גֶעמִיט, אוּנְד דֶער װָאס
צִיטֶערְט פַאר מֵיין װָארְט:
3 דֶער װָאס שֶׁעכְט אֵיין אָקְס אִיז
אַזױ װִיא עֶר הֶעט דֶערשְׁלָאגֶען אַ מַאן,
דֶער װָאס שֶׁעכְט אַ לֶעמֶעלֶע, אַזױ
װִיא עֶר הֶעט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען דָאס גֶענִיק
פוּן אַ הוּנְד, דֶער װָאס בְּרֶענְגְט אױף
אַ קָרְבָּן מִנְחָה אַזױ װִיא עֶר הֶעט
מַקְרִיב גֶעװֶעזֶען חֲזִיר־בְּלוּט, אוּנְד דֶער
װָאס רֵייכֶערְט װֵיירױךְ אִיז אַזױ װִיא
עֶר הֶעט גֶעבֶּענְשְׁט אוּמְרֶעכְט, זַייא
הָאבֶּען אױךְ אױסְדֶערְװֶעהלְט זֵייעֶרֶע
אֵייגֶענֶע װֶעגֶען, אוּנְד אִין זֵייעֶרֶע אוּמְ־
װִירְדִיגְקֵייט הָאט זֵייעֶר נֶפֶשׁ אַ פֶערְ־
לַאנְגֶען:
4 אַזױ װֶעל אִיךְ אױךְ אױסְדֶערְװֶעהלֶען
אִין זֵייעֶר גֶעשְׁפֶּעט, אוּנְד אִיךְ װֶעל
אִיבֶּער זַייא בְּרֶענְגֶען זֵייעֶרֶע פָארְכְט,
װֵייל װֶען אִיךְ הָאבּ גֶערוּפֶען אוּנְד עֶס
הָאט קֵיינֶער נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ
הָאבּ גֶערֶעט אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט
גֶעהָארְכְט, נֵייעֶרְט זַייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן
שְׁלֶעכְטֶעס אִין מֵיינֶע אױגֶען, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אױסְדֶערְװֶעהלְט דָאס אִין װֶעלְכֶען
אִיךְ הָאבּ קֵיין גֶעפַאלֶען:
5 הֶערְט דָאס װָארְט פוּן יְהֹוָה, אִיהְר
װָאס צִיטֶערְט פַאר זַיין װָארְט, אֵייעֶרֶע
בְּרִידֶער װָאס הָאבֶּען אֵייךְ פֵיינְד אוּנְד
װָאס פֶערְשְׁטױסֶען אֵייךְ פוּן מֵיין
נָאמֶענְ'ס װֶעגֶען, זָאגֶען, לָאז גָאט פֶערְ־
הֶערְלִיכְט װֶערֶען, עֶר װֶעט זִיךְ בֶּעװֵייזֶען

צו זײַרע פֿרײד אונד זײא װעלען
פֿערשעמט װערען׃
6 עס איז אַ שטורם־קול פֿון דער
שטאָט, אַ קול פֿון דעם היכל (בית
המקדש), אַ קול פֿון גאָט װאָס װעט
בעצאָלען צו זײַנע פֿײנד׃
7 אײדער זיא האָט װײטאָג װעט זיא
געװינען, אײדער דיא געבורטס שמערצ־
צען זענען געקומען צו איהר האָט זיא
געבוירען אַ זכר׃
8 װער האָט אַ זאָלכעס געהערט?
װער האָט זאָלכעס געזעהען? זאָל
דיא ערד געװינען אין אײן טאָג? אָדער
זאָל אַ פֿאָלק אויף אײנמאָל געבוירען
װערען? װאָרין אַזױ געשװינד װיא
ציון האָט געהאַט װײטאָג האָט זיא
אויך איהרע קינדער געבוירען׃
9 זאָל איך ברענגען צו דעם בראָכ־
שטול אונד ניט מאַכען געװינען?
זאָגט יהוה, זאָל איך מאַכען געװינען,
אונד דאָך אײנהאַלטען? זאָגט דײן
גאָט׃
10 פֿרײעט אײך מיט ירושלים, אונד
זײט פֿרײליך מיט איהר, אַלע איהרע
ליבהאָבערס, פֿרײעט אײך מיט איהר
פֿאַר פֿרײד, אַלע װאָס איהר טרויערט
װעגען איהר׃
11 כּדי איהר זאָלט זײגען אונד אײך
אָנזעטיגען פֿון דיא ברוסט פֿון איהרע
טרײסטונג, כּדי איהר זאָלט אױסזײגען
אונד אַ תּענוג האָבען פֿון דער שײנ־
הײט פֿון איהר כּבוד׃
12 װאָרין, אַזױ זאָגט יהוה, װעה איך
װעל נײגען צו איהר שלום אַזױ װיא אַ
טײך, אונד דער כּבוד פֿון דיא גוים
אַזױ װיא אַ פֿערפֿלײצטער טײך, אונד
איהר װעט זײגען, אונד איהר װעט
געטראָגען װערען בײא איהרע זײט,
אונד אויף זײַרע קניען װעט מען מיט
אײך שפּילען׃
13 אַזױ װיא אַ מוטער אײנעם
טרײסטעט, אַזױ װעל איך אײך
טרײסטען, אונד איהר װעט געטרײסט
װערען אין ירושלים׃
14 אונד װען איהר װעט דאָס זעהען
אַזױ װעט זיך אײער האַרץ פֿרײען,
אונד אײערע בײנער װעלען בליהען
װיא גרין גראָז, אונד גאָט'ס האַנד
װעט בעקאַנט װערען אָן זײנע קנעכט,
אָבער זײן צאָרן װעט זײן איבער זײנע
פֿײנד׃
15 װאָרין, זעה, גאָט װעט קומען
מיט אַ פֿײער, אונד װיא אַ שטורמ־
װינד זענען זײנע רײטװעגען צו בעצאָלען
מיט זײן גרימצאָרן אונד אָנצושרײען
מיט (זײנע) פֿײער פֿלאַמען׃
16 װאָרין גאָט װעט משפּט'ן מיט
פֿײער, אונד אַלעס פֿלײש מיט זײן
שװערד, אונד דיא דערשלאָגענע פֿון
גאָט װעלען זײן פֿיל׃
17 דיא װאָס הײליגען זיך אונד
רײניגען זיך אין דעם גאָרטען הינטער
אײנעם (געװיסען בוים) אין דער מיטען,
אונד עסען חזיר־פֿלײש, אונד אומ־
װערדיגקײט אונד דיא מויז, זײא װעלען
צוזאַמען אײנגעזאַמעלט װערען (שטאַר־
בען) זאָגט יהוה׃
18 אָבער איך (װײס) זײערע מעשׂים
אונד זײערע געדאַנקען, עס װעט קומען
צו פֿערזאַמלען אַלע פֿעלקער אונד
שפּראַכען, אונד זײא װעלען קומען
אונד זעהען מײן כּבוד׃
19 אונד איך װעל מאַכען אַן זײא אַ
צײכען, אונד איך װעל שיקען זאַכע

פוּן זֵייא וָואס זֶענֶען עֶנְטְרוּנֶען צוּ דִיא
פֶעלְקֶער נָאךְ תַּרְשִׁישׁ פּוּל אוּנְד לוּד,
דִיא בּוֹיגֶען צִיהֶערְם, תּוּבַל אוּנְד יָוָן,
צוּ דִיא אִינְזֶעלְן וָואס זֶענֶען פוּן וַוייטֶען
וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט פוּן מֵיין
שֵׁם, אוּנְד וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען
פוּן מֵיין כָּבוֹד, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
דֶערְצֵיילֶען פוּן מֵיין כָּבוֹד צְווִישֶׁען דִיא
גוֹיִם:
20 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען בְּרֶענְגֶען אַלֶע
אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער אַלְס
אַ מַתָּנָה צוּ גָאט, אוֹיף פֶערְד אוּנְד
אוֹיף רֵייטְוֶועגֶען, אוּנְד אִין קָארֶעטֶעס,
אוּנְד אוֹיף מוּלְאֵייזֶעלְן, אוּנְד אוֹיף
פְלִינְקֶע קֶעמֶעלְן, צוּ מֵיין הֵיילִיגֶען
בַּארְג נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, זָאגְט יְהוָֹה, אַזוֹי
וִויא דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל בְּרֶענְגֶען דִיא
מִנְחָה אִין אַ רֵיינֶע כְּלִי צוּ דֶעם הוֹיז
פוּן גָאט:
21 אוּנְד אוֹיךְ פוּן זֵייא וֶועל אִיךְ
גֶעמֶען פַאר כֹּהֲנִים אוּנְד פַאר לְוִיִּם
זָאגְט יְהוָֹה:
22 וָוארִין אַזוֹי וִויא דִיא נַייעֶ הִימֶעלְן
אוּנְד דִיא נַייעֶ עֶרְד וָואס אִיךְ וֶועל
מַאכֶען וֶועט בֶּעשְׁטֵיין פַאר מִיר, זָאגְט
יְהוָֹה, אַזוֹי וֶועט אֵייעֶר זָאמֶען אוּנְד
אֵייעֶר נָאמֶען בֶּעשְׁטֵיין:
23 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, אַז פוּן חוֹדֶשׁ
צוּ חוֹדֶשׁ, אוּנְד פוּן שַׁבָּת צוּ שַׁבָּת
וֶועט אַלֶעס פְלֵייש קוּמֶען זִיךְ פַאר
מִיר צוּ בִּיקֶען, זָאגְט יְהוָֹה:
24 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אַרוֹיסְגֵיין אוּנְד
וֶועלֶען אָנְזֶעהֶען דִיא פְּגָרִים פוּן דִיא
מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען קֶעגֶען מִיר מוֹרֵד
גֶעוֶועזֶען, וָוארִין זֵייעֶר וְואוּרְם וֶועט
נִיט שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד זֵייעֶר פֵייעֶר וֶועט
נִיט פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען זַיין פַאר אַ פֶערְשֶׁעמוּנְג צוּ
אַלֶעס פְלֵייש:

אַלע פסוקים פֿון דעם ספר ישעיה זענען איין טויזענד צווייא הונדערט
אונד פֿינף אונד נײַנציג; דיא העלפֿט דאפֿון איז קאפיטעל ל"ג,
כ"א; אונד האט זעכס אונד זעכטציג קאפיטלעך:

## חזק ונתחזק

# ירמיה א

1 דִיא רֵייד פוּן יִרְמְיָהוּ, דֶער
זוּהְן פוּן חִלְקִיָהוּ, פוּן דִיא כֹּהֲנִים וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין עֲנָתוֹת, אִין דֶעם
לַאנְד פוּן בִּנְיָמִן:
2 וָואס דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז צוּ אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אִין דִיא טֶעג
פוּן יֹאשִׁיָהוּ, דֶער זוּהְן פוּן אָמוֹן, דֶער
קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אִין דֶעם דְרַייצֶעהְנְ־
טֶען יָאהְר פוּן זַיינֶע רֶעגִירוּנְג:
3 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא
טֶעג פוּן יְהוֹיָקִים, דֶער זוּהְן פוּן
יֹאשִׁיָהוּ, דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, בִּיז
צוּם עֶנְד פוּן דֶעם עֶלְפְטֶען יָאהְר פוּן
צִדְקִיָהוּ, דֶער זוּהְן פוּן יֹאשִׁיָהוּ, דֶער
קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, בִּיז צוּ דִיא פֶערְ־
טְרֵייבוּנְג פוּן יְרוּשָׁלַיִם אִין דֶעם פִינְפְ־
טֶען חוֹדֶשׁ:
4 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
5 בֶּעפָאר אִיךְ הָאבּ דִיךְ בֶּעשַׁאפֶען
אִין דֶעם בּוֹיךְ הָאבּ אִיךְ דִיךְ בֶּעשְׁטִימְט,
אוּנְד בֶּעפָאר דוּא בִּיזְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
פוּן מוּטֶער־לֵייבּ, הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶע־
הֵיילִיגְט, אַלְס נָבִיא צוּ דִיא פֶעלְקֶער
הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעגֶעבֶּען:
6 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אוֹי, הַאר
גָאט, זֶעה, אִיךְ וֵויים נִיט וִויא צוּ
רֶעדֶען, דֶען אִיךְ בִּין נָאךְ אֵיין יוּנְג
(קִינְד):
7 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר גֶע־
זָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט זָאגֶען אִיךְ בִּין
יוּנְג, נֵייעֶרְט אִיבֶּעראַל וְואוּ אִיךְ
וֶועל דִיךְ שִׁיקֶען זָאלְסְט דוּא גֵיין, אוּנְד
אַלֶעס וָואס אִיךְ וֶועל דִיר בֶּעפֶעלֶען,
זָאלְסְט דוּא רֶעדֶען:
8 זָאלְסְט דִיךְ פַאר זֵייא נִיט פָארְכְטֶען,
וָוארִין אִיךְ בִּין מִיט דִיר, דִיךְ מַצִיל צוּ
זַיין, זָאגְט דֶער הַאר:
9 אוּנְד דֶער הַאר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט
זַיינֶע הַאנְד אוּנְד הָאט בֶּערִיהְרְט מֵיין
מוֹיל, אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר
גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען מֵיין
וָוארְט אִין דֵיין מוֹיל:
10 זֶעה, אִיךְ הָאבּ דִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען
דֶעם דָאזִיגֶען טָאג אִיבֶּער דִיא פֶעלְקֶער
אוּנְד אִיבֶּער דִיא קֶענִיגְרֵייכֶען, כְּדֵי
אוֹיסְצוּוָוארְצֶעלְן אוּנְד צוּ צוּשְׁטֶערֶען,
צוּ פֶערְדַארְבֶּען אוּנְד נִידֶערְצוּרֵייסֶען,
צוּ בּוֹיעֶן אוּנְד צוּ פְלַאנְצֶען:
11 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
וָואס זֶעהְסְט דוּא יִרְמְיָהוּ? אוּנְד אִיךְ
הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיךְ זֶעה אֵיין מַאנְדֶעל־
בּוֹים שְׁטֶעקֶען:
12 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר
גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט גוּט גֶעזֶעהֶען,
וָוארִין אִיךְ וַואךְ אִיבֶּער מֵיין וָוארְט
עֶס צוּ טְהוּן:
13 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר אֵיין צְווייטֶעס
מָאל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וָואס זֶעהְסְט
דוּא? אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אֵיין
זִידֶענְדֶען טָאפּ זֶעה אִיךְ, אוּנְד זַיין
אָנְגֶעזִיכְט (פָארֶערְזַייט) אִיז פוּן צָפוֹן־
זַייט:
14 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר

גֶעזָאגְט, פוּן צָפוֹן־זַייט וֶועט זִיךְ דָאס
אוּמגְלִיק עֶפֶענֶען אִיבֶּער אַלֶע אֵיינ־
וָואוינֶער פוּן דֶעם לַאנְד:
15 וָוארִין זֶעה, אִיךְ רוּף אַלֶע מִשְׁפָּחוֹת
פוּן דִיא קֶענִיגְרַייכֶע פוּן צָפוֹן־זַייט,
זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד זַייא וֶועלֶען
קוּמֶען, אוּנְד יֶעדֶערֶער וֶועט גֶעבֶּען
זַיין שְׁטוּהְל פַאר דִיא טִיעֶר פוּן דִיא
טוֹיעֶרְן פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע
אִיהְרֶע מוֹיעֶרְן אַרוּם, אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע
שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה:
16 אוּנְד אִיךְ וֶועל רֶעדֶען מֵיינֶע
מִשְׁפָּטִים מִיט זַייא וֶועגֶען אַלֶע זַייעֶר
שְׁלֶעכְטֶעס, וַוייל זַייא הָאבֶּען מִיךְ
פֶערְלָאזֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען מַקְטִיר
גֶעוֶועזֶען צוּ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דִיא וֶוערְק
פוּן זַייעֶרֶע הֶענְד:
17 אוּנְד דוּא אָבֶּער זָאלְסְט אָנְגִירְטֶען
דֵיינֶע לֶענְדֶען, אוּנְד זָאלְסְט אוֹיפְשְׁטֵיין
אוּנְד זָאלְסְט צוּ זַייא רֶעדֶען, אַלֶעס
וָואס אִיךְ וֶועל דִיר בֶּעפֶעלֶען, דוּא
זָאלְסְט דִיךְ פַאר זַייא נִיט שְׁרֶעקֶען, כְּדֵי
אִיךְ זָאל דִיךְ נִיט פַאר זַייא צוּבְּרֶעכֶען:
18 אוּנְד אִיךְ, זֶעה, אִיךְ הָאבּ דִיךְ
הַיינְט גֶעגֶעבֶּען (גֶעמַאכְט) וִויא אֵיינֶע
פֶעסְטֶע שְׁטָאט, אוּנְד וִויא אֵיינֶע אֵייזֶערְנֶע
זַייל, אוּנְד וִויא קוּפֶּערְנֶע מוֹיעֶרְן אִיבֶּער
דָאס גַאנְצֶע לַאנְד, וֶועגֶען דִיא קֶענִיגֶע
פוּן יְהוּדָה, קֶעגֶען אִיהְרֶע פִירְשְׁטֶען,
קֶעגֶען אִיהְרֶע כֹּהֲנִים, אוּנְד קֶעגֶען דֶעם
פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד:
19 אוּנְד זַייא וֶועלֶען קֶעגֶען דִיר
מִלְחָמָה הַאלְטֶען, אָבֶּער זַייא וֶועלֶען
דִיךְ נִיט בֵּייקוּמֶען, וָוארִין אִיךְ בִּין
מִיט דִיר, זָאגְט דֶער הַאר, דִיךְ
מַצִיל צוּ זַיין:

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 גֵייא, אוּנְד דוּא זָאלְסְט רוּפֶען אִין דִיא
אוֹיעֶרֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, אִיךְ גֶעדֶענְק צוּ
דִיר דֶעם חֶסֶד פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד,
דִיא לִיבֶּע פוּן דֵיינֶע כַּלָּהְשַׁאפְט, וֶוען
דוּא בִּיסְט מִיר נָאכְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער
מִדְבָּר, אִין אֵיין לַאנְד וָואס אִיז נִיט
גֶעוֶועזֶען גֶעזֵייעֶט:
3 יִשְׂרָאֵל אִיז הֵיילִיג צוּ דֶעם הַאר,
דָאס עֶרְשְׁטֶע פוּן זַיינֶע תְּבוּאָה, אַלֶע
וָואס וֶועלֶען אִיהְם עֶסֶען וֶועלֶען שׁוּלְדִיג
זַיין, שְׁלֶעכְטֶעס וֶועט אִיבֶּער זַייא
קוּמֶען, זָאגְט דֶער הַאר:
4 הֶערְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר,
אִיהְר הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד אַלֶע
מִשְׁפָּחוֹת פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל:
5 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, וָואס פַאר
אוּנְרֶעכְט הָאבֶּען אֵיירֶע עֶלְטֶערְן אִין
מִיר גֶעפוּנֶען, דָאס זַייא הָאבֶּען זִיךְ
פוּן מִיר דֶערְוַוייטֶערְט, אוּנְד זַייא
זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען נָאךְ דִיא נַארִישְׁקֵייט
(הֶבֶל), אוּנְד זֶענֶען פֶערְנַארִישְׁט
גֶעוָוארֶען:
6 אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעזָאגְט,
אַוְואוּ אִיז דֶער הַאר דֶער וָואס הָאט
אוּנְס אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם? דֶער וָואס הָאט אוּנְס גֶעפִיהְרְט
אִין דֶער מִדְבָּר, אִין אֵיין וִויסְטֶעס
(אוּנפְרוּכְטבַּארֶעס) לַאנְד אוּנְד גְרִיבֶּער,
אִין אֵיין טְרוּקֶען לַאנְד, אוּנְד שָׁאטֶען
פוּן טוֹיט, אִין אֵיין לַאנְד וְואוּ קֵיינֶער
אִיז נִיט דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד וְואוּ קֵיין
מֶענְשׁ הָאט דָארְטֶען גֶעוָואוינְט?

7 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעבְּרַאכְט אִין דֶעם פְּרוּכְטבַּארֶען לַאנְד, אוּם צוּ עֶסֶען אִיהְרֶע פְּרוּכְט אוּנְד אִיהְר גוּטֶעס, אוּנְד אִיהְר זֶענְט אָבֶּער גֶעקוּמֶען, אוּנְד אִיהְר הָאט מְטַמֵא גֶעוֶועזֶען מֵיין לַאנְד, אוּנְד מֵיין נַחֲלָה הָאט אִיהְר גֶעמַאכְט צוּ אוּמְוִוירְדִיגְקֵייט:

8 דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען נִיט גֶעזָאגְט, וְואוּ אִיז דֶער הַאר? אוּנְד דִיא וָואס הַאלְטֶען דִיא תּוֹרָה הָאבֶּען מִיךְ נִיט דֶערְקֶענְט, אוּנְד דִיא הֶערְטֶען (פַּאסְטוּכֶער) הָאבֶּען ווידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט אַן מִיר, אוּנְד דִיא נְבִיאִים הָאבֶּען נְבִיאוּת גֶעזָאגְט דוּרְךְ בַּעַל, אוּנְד נָאךְ דֶעם וָואס קֶען זֵייא נִיט נִיצֶען זֶענֶען זֵייא נָאכְגֶעגַאנְגֶען:

9 דַארוּם וֶועל אִיךְ מִיךְ נָאךְ קְרִיגֶען מִיט אֵייךְ, זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד מִיט אֵיירֶע קִינְדֶערְ'ס קִינְדֶער וֶועל אִיךְ מִיךְ קְרִיגֶען:

10 וָוארִין, גֵייט דוּרְךְ דִיא אִינְזֶעלְן פוּן דִיא כִּתִּיִם אוּנְד זֶעהְט, אוּנְד שִׁיקְט נָאךְ קֵדָר אוּנְד בֶּעמֶערְקְט זֶעהְר אוּנְד זֶעהְט אוֹיבּ וִויא דָאס דָאזִיגֶע אִיז גֶעשֶׁעהֶען?

11 הָאט אֵיין פָאלְק פֶערְבִּיטֶען זֵיירֶע גֶעטֶער וָואס זֵייא זֶענֶען קֵיינֶע גֶעטֶער נִיט? אָבֶּער מֵיין פָאלְק הָאט פֶערְבִּיטֶען זֵיין כָּבוֹד פַאר אוּנְנִיצְלִיכֶעס:

12 פֶערְוְואוּנְדֶערְט אֵייךְ אִיהְר הִימֶעל אִיבֶּער דָאס דָאזִיגֶע, אוּנְד שְׁטוּרֶעמְט, וֶוערְט זֶעהְר וִויסְט, זָאגְט דֶער הַאר:

13 וָוארִין צְווייעֶרְלֵייא שְׁלֶעכְטֶעס הָאט מֵיין פָאלְק גֶעטְהוּן, מִיךְ הָאבֶּען זֵייא פֶערְלָאזֶען, דִיא קְוֶועלֶע פוּן לֶעבֶּעדִיגֶעס וַואסֶער, אוּם זִיךְ אוֹיסְצוּגְרוּבֶּען בְּרוּנֶען, לֶעכֶערְדִיגֶע בְּרוּנֶען, וָואס קֶענֶען נִיט הַאלְטֶען דָאס וַואסֶער:

14 אִיז דֶען יִשְׂרָאֵל אֵיין קְנֶעכְט אָדֶער אֵיין הוֹיזְגֶעבּוֹירֶענֶער? וָוארוּם אִיז עֶר גֶעוָוארֶען צוּם רוֹיבּ?

15 אִיבֶּער אִיהְם שְׁרֵייֶען לֵייבֶּען, זֵייא דֶערְהֵייבֶּען זֵייעֶר קוֹל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט זֵיין לַאנְד צוּ וִויסְט, זֵיינֶע שְׁטֶעט זֶענֶען צוּשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען, אָהְן אֵיינְוְואוֹינֶער:

16 אוֹיךְ דִיא קִינְדֶער פוּן נוֹף אוּנְד תַּחְפַּנְחֵס וֶועלֶען דִיר צוּבְּרֶעכֶען דֶעם שֵׁייטֶעל:

17 וֶוערְט דִיר דֶען דָאס דָאזִיגֶע נִיט גֶעטְהוּן ווייל דוּא הָאסְט פֶערְלָאזֶען דֶעם הַאר, דֵיין גָאט, אִין דֶער צֵייט וֶוען עֶר הָאט דִיךְ גֶעפִיהְרְט אוֹיף דֶעם (גוּטֶען) וֶועג?

18 אוּנְד אַצוּנְד נָאךְ וָואס אִיז דִיר דֶער וֶועג נָאךְ מִצְרַיִם צוּ טְרִינְקֶען דָאס וַואסֶער פוּן שִׁחוֹר? אוּנְד נָאךְ וָואס אִיז דִיר דֶער וֶועג נָאךְ אַשּׁוּר צוּ טְרִינְקֶען דָאס וַואסֶער פוּן דֶעם טֵייךְ (פְּרָת)?

19 דֵיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט וֶועט דִיךְ שְׁטְרָאפֶען, אוּנְד דֵיינֶע אָפְּקֶעהְרוּנְג וֶועט דִיךְ אִיבֶּערְצֵייגֶען דָאס דוּא וֶועסְט וויסֶען אוּנְד זֶעהֶען דָאס עֶס אִיז שְׁלֶעכְט אוּנְד בִּיטֶער דָאס דוּא הָאסְט פֶערְלָאזֶען דֶעם הַאר, דֵיין גָאט, אוּנְד מֵיינֶע פָארְכְט אִיז נִיט בֵּייא דִיר, זָאגְט דֶער הַאר גָאט צְבָאוֹת:

20 וָוארִין פוּן דֶער אַלְטֶער צֵייט הָאבּ אִיךְ צוּבְּרָאכֶען דֵיין יָאךְ, אִיךְ הָאבּ צוּרִיסֶען דֵיינֶע בּוּנְד אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט, אִיךְ וִויל נִיט דִינֶען! וָוארִין אוֹיף יֶעדֶען הוֹיכֶען הִיגֶעל אוּנְד אוּנְטֶער יֶעדֶען גְרִינֶעם בּוֹים לִיגְסְט דוּא דִיךְ אַלְס זוֹנָה:

אוּנְד

21 אוּנְד דָאךְ הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעְ־
פְלַאנְצְט וִויא אֵיין צְוֵויְיג, אִים גַאנְצֶען
וַואהְרֶען זָאמֶען, אוּנְד וִויא אַזוֹי בִּיסְט
דוּא מִיר פֶערְקֶעהְרְט גֶעוָוארֶען צוּ
אָפְּגֶעקֶעהְרְטֶע (צְוֵויְיגֶען) פוּן אֵיין
פְרֶעמְדֶען וֵויינְשְׁטָאק:
22 וָוארִין וֶוען דוּא זָאלְסְט דִיךְ וַואשֶׁען
מִיט לוֹיג, אוּנְד וֶועסְט דִיךְ פֶערְמֶעהְרֶען
(צוּ וַואשֶׁען) מִיט זֵייף, דָאךְ אִיז דֵיינֶע
זִינְד בֶּעפְלֶעקְט פַאר מִיר, זָאגְט
דֶער הַאר גָאט:
23 וִויא אַזוֹי קֶענְסְט דוּא זָאגֶען אִיךְ
בִּין נִיט אוּמְרֵיין גֶעוָוארֶען, אִיךְ בִּין
נִיט נָאכְגֶעגַאנְגֶען דִיא בְּעָלִים? זֶעה
(דָאךְ) דֵיין וֶועג אִין דֶעם טָהָאל! דֶערְקֶען
וָואס דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן, וִויא אֵיינֶע
קַאמֶעלִין וָואס אִיז גְרִינְגְפִיסִיג, דִיא
וָואס פֶערְוִויקֶעלְט זִיךְ אוֹיף אִיהְרֶע
וֶועגֶען:
24 וִויא אֵיינֶע ווִילְדֶע אֵייזֶעלִין וָואס
אִיז דֶערְצוֹיגֶען אִין דֶער מִדְבָּר, וָואס
אִין דֶעם פֶערְלַאנְגֶען פוּן אִיהְרֶע
זֶעלֶע שְׁלִינְגְט זִיא דִיא לוּפְט, פוּן
אִיהְר שְׁטַארְקֶען בֶּעגֶעהְר וֶוער קֶען
זִיא צוּרִיקְהַאלְטֶען, אַלֶע דִיא וָועלְכֶע
זוּכֶען אִיהְר וֶוערֶען נִיט מִיד, אִין
אִיהְר חוֹדֶשׁ גֶעפוּנְט מֶען אִיהְר:
25 הַאלְט אָפּ דֵיין פוּס דָאס עֶר זָאל
נִיט זֵיין בַּארְפוּס, אוּנְד דֵיינֶע קֶעהְל
דָאס זִיא זָאל נִיט זֵיין דָארְשְׁטִיג, אָבֶּער
דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט עֶס אִיז הָאפוּנְגְס־
לָאז! נֵיין, נֵייעֶרְט אִיךְ לִיבּ פְרֶעמְדֶע,
אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא נָאכְגֵיין:
26 וִויא דִיא שַׁאנְד פוּן אֵיין גַנָב
וֶוען עֶר וֶוערְט גֶעפוּנֶען, אַזוֹי וֶועלֶען זִיךְ
שֶׁעמֶען דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל,
זֵייא, זֵייעֶרֶע קֶענִיגֶע, זֵייעֶרֶע פִירְשְׁטֶען, אוּנְד
זֵייעֶרֶע כֹּהֲנִים אוּנְד זֵייעֶרֶע נְבִיאִים:
27 וָואס זֵייא זָאגֶען צוּ הָאלְץ דוּא
בִּיסְט מֵיין פָאטֶער, אוּנְד צוּ דֶעם
שְׁטֵיין דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעבּוֹירֶען, וָוארִין
זֵייא קֶעהְרֶען צוּ מִיר דֶעם נַאקֶען
אוּנְד נִיט דָאס אָנְגֶעזִיכְט, אוּנְד אִין
דֶער צֵייט פוּן זֵייעֶר אוּנְגְלִיק, זָאגֶען
זֵייא, שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד הֶעלְף אוּנְס:
28 אוּנְד אַוְואוּ זֶענֶען דֵיינֶע גֶעטֶער
וָואס דוּא הָאסְט דִיר גֶעמַאכְט? לָאזֶען
זֵייא אוֹיפְשְׁטֵיין וֶוען זֵייא קֶענֶען דִיר
הֶעלְפֶען אִין דֶער צֵייט פוּן דֵיין אוּנְ־
גְלִיק, וָוארִין דִיא צָאהְל פוּן דֵיינֶע שְׁטֶעט
אִיז (וִויא פוּן) דֵיינֶע גֶעטֶער, אָ יְהוּדָה:
29 פַאר וָואס קְרִיגְט אִיהְר אֵייךְ מִיט
מִיר?—אִיהְר אַלֶע הָאט וִוידֶערְגֶע־
שְׁפֶּענִיגְט אִין מִיר, זָאגְט דֶער הַאר:
30 אוּמְזִיסְט הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען
אֵייעֶרֶע קִינְדֶער, קֵיין מוּסָר הָאבֶּען
זֵייא נִיט אָנְגֶענוּמֶען, אֵייעֶר שְׁוֶוערְד הָאט
פֶערְצֶעהְרְט אֵייעֶרֶע נְבִיאִים אַזוֹי וִויא
אֵיין לֵייבּ פֶערְדַארְבְּט:
31 אָ דוּא גֶעשְׁלֶעכְט (דוֹר)! זֶעהְט
דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, בִּין אִיךְ
דֶען גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע מִדְבָּר צוּ דִיא
יִשְׂרָאֵל, אָדֶער אֵיין פִינְסְטֶער לַאנְד?
וַוארוּם זָאגְט מֵיין פָאלְק, מִיר טְרֵייבֶּען
זִיךְ אַרוּם, מִיר קוּמֶען נִיט מֶעהְר
צוּ דִיר?
32 וֶועט דֶען אֵיינֶע יוּנְגְפְרוֹיא פֶערְ־
גֶעסֶען אִיהְרֶע צִירוּנְג, אָדֶער אַ כַּלָה
אִיהְרֶע בֶּענְדֶער? אָבֶּער מֵיין פָאלְק הָאט
מִיךְ פֶערְגֶעסֶען טֶעג אָהְן אֵיין צָאהְל:
33 וָואס מַאכְסְט דוּא גוּט דֵיין וֶועג
צוּ זוּכֶען לִיבְּשַׁאפְט, דַארוּם הָאסְט דוּא
אוֹיךְ דָאס שְׁלֶעכְטֶע גֶעלֶערְנְט מִיט
דֵיינֶע וֶועגֶען:


אויךְ

34 אוֹיךְ אִין דִיא עֶקֶען פוּן דֵיינֶע
קְלֵיידֶער וֶוערְט גֶעפוּנֶען בְּלוּט פוּן דִיא
נְפָשׁוֹת פוּן אָרֶעמֶע אוּנְד אוּנְשׁוּלְדִיגֶע,
נִיט אִין אֵיינֶע אוּנְטֶערְגְרָאבּוּנְג הָאבּ אִיךְ
זַייא גֶעפוּנֶען, נֵייעֶרְט אוֹיף אַלֶע דִיא
דָאזִיגֶע:
35 אוּנְד דָאךְ זָאגְסְט דוּא, אִיךְ בִּין
אוּנְשׁוּלְדִיג, גֵייעֶרְט עֶר הָאט זַיין צָארְן
אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן מִיר, זֶעה, אִיךְ וֶועל
מִיךְ מִשְׁפְּטְ'ן מִיט דִיר אוֹיף דֶעם וָואס
דוּא זָאגְסְט אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעזִינְדִיגְט:
36 וָואס גֵייסְט דוּא זֶעהְר צוּ פֶערְ־
עֶנְדֶערֶען דֵיין וֶועג? אוֹיךְ פוּן מִצְרַיִם
וֶועסְט דוּא פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען, וִויא
דוּא בִּיסְט פֶערְשֶׁעמְט גֶעוָוארֶען פוּן
אַשּׁוּר:
37 אוֹיךְ פוּן דַאנֶען וֶועסְט דוּא אַרוֹיס־
גֵיין מִיט דֵיינֶע הֶענְד אוֹיף דֵיין קָאפּ,
וָוארִין דֶער הַאר הָאט פֶערְהַאסְט דִיא,
אוֹיף וֶועלְכֶע דוּא פֶערְזִיכֶערְסְט דִיךְ,
דוּא וֶועסְט נִיט בֶּעגְלִיקֶען מִיט זַייא:

קאפיטעל ג

1 לָאז מֶען זָאגֶען וֶוען אֵיין מַאן
שִׁיקְט אַרוֹיס זַיין וַוייבּ, אוּנְד זִיא גֵייט
אַוֶועק פוּן אִיהְם אוּנְד זִיא וֶוערְט צוּ
אֵיין אַנְדֶערְן מַאן, וֶועט עֶר דֶען (דֶער
עֶרְשְׁטֶער) צוּרִיק קֶעהְרֶען צוּ אִיהְר?
וֶועט דֶען אַזוֹי אֵיין לַאנְד נִיט גֶע־
שֶׁענְדֶעט וֶוערֶען? אָבֶּער דוּא, חָאטְשֶׁע
דוּא הָאסְט מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען מִיט פִיל
פְרֵיינְד, דָאךְ קֶעהְר דִיךְ צוּרִיק צוּ
מִיר, זָאגְט דֶער הַאר:
2 הֵייבּ אוֹיף דֵיינֶע אוֹיגֶען צוּ דִיא
הִיגֶלֶען (בֶּערְג), אוּנְד זֶעה, אַוְואוּ
בִּיסְט דוּא נִיט בֶּעשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען?
אוֹיף וֶועגֶען בִּיסְט דוּא גֶעזֶעסֶען פַאר
זַייא, וִויא דֶער עֲרָבִי (אַרַאבֶּער) אִין
דֶער מִדְבָּר, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶע־
שֶׁענְדֶעט דָאס לַאנְד מִיט דֵיין זְנוּת
אוּנְד מִיט דֵיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט:
3 דַארוּם אִיז פֶערְמִיטֶען גֶעוָוארֶען
שְׁפְּרֵייא־רֶעגֶען אוּנְד שְׁפֶּעט רֶעגֶען אִיז
נִיט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעהַאט
אֵיין שְׁטֶערֶען פוּן אֵיינֶע הוּר (זוֹנָה),
דוּא הָאסְט דִיךְ נִיט גֶעוָואלְט שֶׁעהְמֶען:
4 וֶועסְט דוּא נִיט פוּן אַצוּנְד אָן צוּ
מִיר רוּפֶען, מֵיין פָאטֶער, דוּא בִּיסְט
דֶער הַאר (פִיהְרֶער) פוּן מֵיין יוּגֶענְד?
5 וֶועט עֶר דֶען אוֹיף אִימֶער אָנְהַאלְ־
טֶען, אָדֶער הִיט עֶר (דֶעם צָארְן) אוֹיף
אֵייבִּיג? זֶעה, דוּא הָאסְט גֶערֶעט,
אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן דָאס שְׁלֶעכְ־
טֶע וִויא פִיל דוּא הָאסְט גֶעקֶענְט:
6 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר
גֶעזָאגְט, אִין דִיא טֶעג פוּן יֹאשִׁיָּהוּ
דֶעם קֶענִיג, הָאסְט דוּא גֶעזֶעהֶען וָואס
דָאס אָפְּטְרִינִיגֶע יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעטְהוּן?
זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען אוֹיף אַלֶע הוֹיכֶע
בֶּערְג, אוּנְד אוּנְטֶער אַלֶע גְרִינֶע
בֵּיימֶער, אוּנְד זִיא הָאט דָארְטֶען גֶע־
הוּרְט:
7 הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, נָאכְדֶעם דָאס
זִיא הָאט אַלֶעם דָאס דָאזִיגֶע גֶעטְהוּן,
דָאס זִיא זָאל זִיךְ צוּרִיק קֶעהְרֶען צוּ
מִיר, אָבֶּער זִיא הָאט זִיךְ נִיט צוּרִיקְגֶע־
קֶעהְרְט, אוּנְד דָאס הָאט גֶעזֶעהֶען
אִיהְרֶע אוּנְגֶעטְרֵייעֶ שְׁוֶועסְטֶער יְהוּדָה:
8 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דָאס
וֶועגֶען דֶעם אַלֶעם וָואס דִיא אָפְּטְרִי־
נִיגֶע יִשְׂרָאֵל הָאט מְנַאֵף גֶעוֶועזֶען,
הָאבּ אִיךְ זִיא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד
הָאבּ אִיהְר גֶעגֶעבֶּען אַ שֵׁיידֶע בְּרִיף
(גֶט), אוּנְד דָאךְ הָאט זִיךְ אִיהְרֶע
אוּנְגֶעטְרֵייעֶ שְׁוֶועסְטֶער יְהוּדָה נִיט


געפארכטען

גֶעפָּארְכְטֶען, גֵייעֶרְט זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען
אוּנְד זִיא הָאט אוֹיךְ גֶעהוּרְט :
9 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, דָאס פוּן
וֶועגֶען דֶעם קוֹל פוּן אִיהְרֶע הוּרֶעְרַייא אִיז
דָאס לַאנְד גֶעשֶׁענְדֶעט גֶעוָוארֶען, דָאס
זִיא הָאט זְנוּת גֶעטְרִיבֶּען מִיט דֶעם
שְׁטֵיין אוּנְד מִיט דֶעם הָאלְץ :
10 אוּנְד אוֹיךְ בֵּייא דֶעם אַלֶעם, הָאט
זִיךְ צוּ מִיר נִיט צוּרִיק גֶעקֶעהְרְט אִיהְר
אוּנְגֶעטְרֵייעֶ שְׁוֶועסְטֶער יְהוּדָה מִיט אִיהְר
גַאנְצֶען הַארְץ ; גֵייעֶרְט אִין פַאלְשְׁקַייט,
זָאגְט דֶער הַאר :
11 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר
גֶעזָאגְט, דָאס נֶפֶשׁ פוּן דִיא אָפְּטְרִינִיגֶע
יִשְׂרָאֵל אִיז גֶערֶעכְטֶער אַלְס דִיא
אוּנְגֶעטְרֵייעֶ יְהוּדָה :
12 גֵייא, אוּנְד דוּא זָאלְסְט רוּפֶען דִיא
דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער קֶעגֶען צָפוֹן אוּנְד דוּא
זָאלְסְט זָאגֶען, קֶעהְר דִיךְ צוּרִיק דוּא
אָפְּטְרִינִיגֶע יִשְׂרָאֵל, זָאגְט דֶער הַאר,
אִיךְ וֶועל נִיט לָאזֶען פַאלֶען מֵיין צָארְן
(אָנְגֶעזִיכְט) קֶעגֶען אֵייךְ, וָוארִין אִיךְ
בִּין אֵיין בַּעַל חֶסֶד, זָאגְט דֶער הַאר ;
אִיךְ וֶועל נִיט אֵיינְהַאלְטֶען דֶעם צָארְן
אוֹיף אֵייבִּיג :
13 נוּר דוּא זָאלְסְט עֶרְקֶענֶען דֵיינֶע זִינְד,
וָוארִין קֶעגֶען דֶעם הַאר, דֵיין גָאט, הָאסְט
דוּא וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט, אוּנְד דוּא הָאסְט
אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט דֵיינֶע וֶועגֶען צוּ דִיא
פְרֶעמְדֶע (גֶעטֶער) אוּנְטֶער יֶעדֶען גְרִינֶעם
בּוֹים, אוּנְד אִין מֵיין קוֹל הָאט אִיהְר נִיט
גֶעהֶערְט, זָאגְט דֶער הַאר :
14 קֶעהְרְט אֵייךְ צוּרִיק אִיהְר אָפְּ־
טְרִינִיגֶע קִינְדֶער, זָאגְט דֶער הַאר,
וָוארִין אִיךְ הָאבּ חַתוּנָה גֶעהַאט מִיט
אֵייךְ אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ נֶעמֶען,
אֵיינֶעם פוּן אֵיין שְׁטָאט, אוּנְד צְוֵוייא

פוּן אֵיין מִשְׁפָּחָה, אוּנְד אִיךְ וֶועל
אֵייךְ בְּרֶענְגֶען קֵיין צִיוֹן :
15 אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ גֶעבֶּען
הֶערְטֶען נָאךְ מֵיין הַארְץ, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען אֵייךְ וֵויידֶען מִיט וִויסֶענְשַׁאפְט
אוּנְד פֶערְשְׁטַאנְד :
16 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין, אַז אִיהְר וֶועט
אֵייךְ פֶערְמֶעהְרֶען אוּנְד אִיהְר וֶועט
זֵיין פְרוּכְטְבַּאר אִין דֶעם לַאנְד אִין
יֶענֶע טֶעג, זָאגְט דֶער הַאר, אַזוֹי
וֶועט מֶען נִיט מֶעהְר זָאגֶען אֲרוֹן־בְּרִית
(בּוּנְדֶעס־קַאסְטֶען) פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד
עֶס וֶועט נִיט אוֹיפְגֵיין אוֹיף דֶעם הַארְץ,
אוּנְד מֶען וֶועט נִיט גֶעדֶענְקֶען וֶועגֶען
דֶעם, אוּנְד מֶען וֶועט נִיט דֶערְמַאנֶען,
אוּנְד עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר גֶעטְהוּן
וֶוערֶען :
17 אִין יֶענֶער צֵייט וֶועט מֶען רוּפֶען
צוּ יְרוּשָׁלַיִם, שְׁטוּהְל פוּן דֶעם הַאר
(כִּסֵא מַלְכוּת), אוּנְד אַלֶע פֶעלְקֶער
וֶועלֶען זִיךְ צוּ אִיהְר פֶערְזַאמְלֶען, צוּ
דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר קֵיין
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען נִיט מֶעהְר
גֵיין נָאךְ דֶער הַארְטִינֶגְקַייט פוּן זֵייעֶר
שְׁלֶעכְטֶען הַארְצֶען :
18 אִין יֶענֶע טֶעג וֶועלֶען גֵיין דָאס
הוֹיזְגֶעזִינְד יְהוּדָה צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען צוּזַאמֶען קוּמֶען
פוּן צָפוֹן־לַאנְד, אִין דֶעם לַאנְד וָואס
אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען פַאר אֵיין יְרוּשָׁה
צוּ אֵיירֶע עֶלְטֶערְן :
19 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט, וִויא זָאל
אִיךְ דִיךְ אוּנְטֶער דִיא קִינְדֶער שְׁטֶעלֶען ?
אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעגֶעבֶּען אֵיין
לִיבְּלִיכֶעם לַאנְד, דָאס שֶׁענְסְטֶע עֶרְבּ־
טֵייל אוּנְטֶער דִיא הֶערְשַׁארֶען פוּן
דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט



נעטראכט

(גֶעטְרַאכְט) דָאס דוּא װֶעסְט מִיךְ רוּפֶען
מֵיין פָּאטֶער, אוּנְד דוּא װֶעסְט פוּן
מִיר נִיט אָפְּקֶעהְרֶען:
20 אָבֶּער וִויא אֵיין װײבּ אִיז אוּנ־
טְרֵייא גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען אִיהְר פְרֵיינְד
(מַאן) אַזוֹי זֶענְט אִיהְר אוּנטְרֵייא גֶע־
וֶועזֶען קֶעגֶען מִיר, אִיהְר הוֹיז יִשְׂרָאֵל,
זָאגְט דֶער הַאר:
21 אֵיין גֶעשְׁרֵייא װֶערְט גֶעהֶערְט
אוֹיף דִיא הוֹיכֶע עֶרְטֶער, דָאס װיינֶען
פוּן גֶעבֶּעט פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
װייל זֵייא הָאבֶּען פֶערקְרִימְט זֵייעֶר
וֶועג, זֵייא הָאבֶּען פֶערְגֶעסֶען דֶעם
הַאר זֵייעֶר גָאט:
22 קֶעהְרְט אֵייךְ צוּרִיק, אִיהְר אָפְּ־
טְרִינִיגֶע קִינְדֶער, אַזוֹי װֶעל אִיךְ
הֵיילֶען אֵייעֶרֶע אָפְּטְרִינִיגְקֵייט, זֶעה,
מִיר קוּמֶען צוּ דִיר, וָוארִין דוּא בִּיסְט
דֶער הַאר, אוּנְזֶער גָאט:
23 פַאר וָואהְר, אוּמְזִיסְט (קוּמְט) פוּן
דִיא הִיגֶעלְן דָאס גֶעטוּמֶעל פוּן דִיא
בֶּערְג, אָבֶּער בְּאֶמֶת אִין דֶעם הַאר
אוּנְזֶער גָאט, אִיז דִיא הִילְף פוּן
יִשְׂרָאֵל:
24 אָבֶּער דִיא שַׁאנְד הָאט אוֹיפְ־
גֶעגֶעסֶען וָואס אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען
עֶרְוָוארְבֶּען צֵייט אוּנְזֶער יוּגֶענְד! זֵייעֶרֶע
שָׁאף אוּנְד זֵייעֶרֶע רִינְדֶער, זֵייעֶרֶע זִיהְן
אוּנְד זֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער:
25 מִיר מוּזֶען לִיגֶען אִין אוּנְזֶערֶע
שַׁאנְד, אוּנְד מִיר מוּזֶען אוּנְס בֶּעדֶעקֶען
מִיט אוּנְזֶערֶע שְׁמַאךְ, וָוארִין קֶעגֶען דֶעם
הַאר אוּנְזֶער גָאט הָאבֶּען מִיר גֶעזִינְדִיגְט,
מִיר, אוּנְד אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן צֵייט
אוּנְזֶערֶע יוּגֶענְד, בִּיז אוֹיף דֶעם הֵיינְטִיגֶען
טָאג, וָוייל מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט
צוּ דִיא שְׁטִימֶע פוּן דֶעם הַאר, אוּנְזֶער
גָאט:

## קאפיטעל ד

1 װֶוען דוּא יִשְׂרָאֵל װֶעסְט דִיךְ אוּמְ־
קֶעהְרֶען, זָאגְט דֶער הַאר, אַזוֹי זָאלְסְט
דוּא דִיךְ צוּ מִיר אוּמְקֶעהְרֶען, אוּנְד
װֶוען דוּא װֶעסְט אָפְּשַׁאפֶען דֵיינֶע גְרֵייעֶל
(אוּמְװירְדִיגְקֵייט) פוּן מֵיין אָנְגֶעזִיכְט, אַזוֹי
װֶעסְט דוּא נִיט פֶערְוָואגֶעלְט װֶערֶען:
2 אוּנְד אַז דוּא װֶעסְט שְׁוֶוערֶען בֵּייא
דֶעם לֶעבֶּען פוּן דֶעם הַאר מִיט אֱמֶת,
מִיט מִשְׁפָּט (רֶעכְט) אוּנְד מִיט צְדָקָה
(גֶערֶעכְטִיגְקֵייט), אַזוֹי װֶעלֶען זִיךְ דִיא
פֶעלְקֶער מִיט אִיהְם בֶּענְשֶׁען, אוּנְד
װֶעלֶען זִיךְ מִיט אִיהְם רִיהְמֶען:
3 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צוּ דִיא
מֶענֶער פוּן יְהוּדָה אוּנְד פוּן יְרוּשָׁלַיִם,
אַקֶערְט אֵייךְ דֶעם אַקֶער, אוּנְד זֵייעְט
נִיט אוּנְטֶער דִיא דֶערְנֶער:
4 בֶּעשְׁנֵיידֶעט אֵייךְ צוּ דֶעם הַאר,
אוּנְד טְהוּט אָפּ דִיא פֶערְשְׁטָאפּוּנְג פוּן
אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער, אִיהְר מֶענֶער פוּן
יְהוּדָה אוּנְד אִיהְר אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן
יְרוּשָׁלַיִם—דָאס עֶס זָאל נִיט אַרוֹיסְגֵיין
וִויא אֵיין פֵייעֶר מֵיין צָארְן אוּנְד עֶס
װֶעט זִיךְ אָנְצִינְדֶען, אוּנְד קֵיינֶער װֶעט
נִיט פֶערְלֶעשֶׁען, װֶעגֶען אֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע
מַעֲשִׂים:
5 זָאגְט עֶס אָן אִין יְהוּדָה, אוּנְד
מַאכְט עֶס הֶערֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
זָאגְט, אוּנְד בְּלָאזְט מִיט דֶעם שׁוֹפָר
אִין דֶעם לַאנְד, רוּפְט, מַאכְט פוּל,
(פֶערְזַאמֶעלְט), אוּנְד זָאגְט, פֶערְזַאמֶעלְט
אֵייךְ, דָאס מִיר זָאלֶען קוּמֶען אִין דִיא
פֶעסְטֶע שְׁטֶעט:
6 הֵייבְּט אוֹיף דֶעם פָאהְן קֶעגֶען צִיוֹן,
פֶערְזַאמֶעלְט אֵייךְ אִיהְר זָאלְט נִיט
שְׁטֵיין, וָוארִין אִיךְ בְּרֶענְג שְׁלֶעכְטֶעס
פוּן

פוּן צָפוּן־זַייט, אוּנְד אֵיין גְרוֹיסֶען בְּרָאךְ:

7 עֶס גֵייט אַרוֹיף אֵיין לֵייבּ פוּן זַיין דִיקֶען וַואלְד, אוּנְד אֵיין פֶערְדַארְבֶּער פוּן דִיא פֶעלְקֶער הָאט שׁוֹין אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן זַיין אָרְט, ווִיסְט צוּ מַאכֶען דֵיין לַאנְד, דֵיינֶע שְׁטֶעט וֶועלֶען פֶערְווִיסְט וֶוערֶען אָהְן אֵיינְוואוֹינֶער:

8 וֶועגֶען דָאס דָאזִיגֶע גִירְט אֵייךְ אָן מִיט זֶעק, קְלָאגְט אוּנְד יָאמֶערְט, וָוארִין דֶער גְרִימְצָארְן פוּן דֶעם הַאר הָאט זִיךְ נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן אוּנְס:

9 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין יֶענֶעם טָאג, זָאגְט דֶער הַאר, וֶועט דָאס הַארְץ פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן דִיא פִירְשְׁטֶען זַיין ווִיא פֶערְלוֹירֶען, אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים וֶועלֶען עֶרְשְׁטוֹינְט וֶוערֶען, אוּנְד דִיא נְבִיאִים וֶועלֶען זִיךְ ווְאוּנְדֶערְן:

10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אוֹי ווַייא, הַאר גָאט, בְּאֶמֶת, דוּא הָאסְט גֶע־לָאזְט אָנְגְרֵייצֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, עֶס וֶועט צוּ אֵייךְ זַיין שָׁלוֹם! אָבֶּער דָאס שְׁוֶוערְד גְרֵייכְט בִּיז צוּ דֶעם נֶפֶשׁ:

11 אִין יֶענֶער צַייט וֶועט גֶעזָאגְט וֶוערֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק אוּנְד צוּ יְרוּשָׁלַיִם, אֵיין הֵייסֶער ווִינְד פוּן דִיא הוֹיכֶע בֶּערְג אִין דֶער מִדְבָּר (קוּמְט אָן) אוֹיף דֶעם וֶועג צוּ דֶער טָאכְטֶער פוּן מֵיין פָאלְק, נִיט צוּ לִיפְטֶערְן אוּנְד נִיט צוּ רֵיינִיגֶען:

12 אֵיין פוּלֶער (שְׁטַארְקֶער) ווִינְד פוּן דִיא דָאזִיגֶע קוּמְט אָן צוּ מִיר, אַצוּנְד וֶועל אִיךְ אוֹיךְ רֶעדֶען מִשְׁפָּטִים מִיט זֵייא:

13 זֶעה, ווִיא אַ וָואלְקֶען קוּמְט עֶר אַרוֹיף אוּנְד ווִיא דֶער שְׁטוּרְם־ווִינְד זֶענֶען זַיינֶע רֵייטְוָועגֶען, שְׁנֶעלֶער אַלְס אֵיין אָדְלֶער זֶענֶען זַיינֶע פֶערְד, ווֵייא צוּ אוּנְס, וָוארִין מִיר זֶענֶען צוּשְׁטֶערְט (גֶערוֹיבְּט) גֶעוָוארֶען:

14 וַואשׁ דֵיין הַארְץ פוּן שְׁלֶעכְטֶעס, אָ יְרוּשָׁלַיִם, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען, בִּיז ווִיא לַאנְג וֶועסְט דוּא לָאזֶען נֶעכְטִיגֶען (לָאזֶען ווְאוֹינֶען) אִין דִיר דֵיינֶע זִינְדִיגֶע גֶעדַאנְקֶען?

15 וָוארִין אֵיין קוֹל זָאגְט עֶס אָן פוּן דָן, אוּנְד מַאכְט הֶערֶען אֵיין אוּנְגְלִיק פוּן דֶעם בַּארְג אֶפְרָיִם:

16 מַאכְט עֶס דֶערְמַאנֶען אוּנְטֶער דִיא פֶעלְקֶער, זֶעה, מַאכְט עֶס הֶערֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, וֶועכְטֶער קוּמֶען פוּן אֵיין ווַייטֶען לַאנְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶר גֶעשְׁרֵייא אִיבֶּער דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה:

17 ווִיא הִיטֶער פוּן פֶעלְדֶער זֶענֶען זֵייא גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער זֵייא אַרוּם; וָוארִין קֶעגֶען מִיר הָאט זִיא ווִידֶערְ־גֶעשְׁפֶּענִיגְט, זָאגְט דֶער הַאר:

18 דֵיין וֶועג אוּנְד דֵיינֶע וֶוערְק הָאבֶּען דִיר דָאס דָאזִיגֶע גֶעטְהוּן, דָאס אִיז דֵיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, דָאס עֶס אִיז בִּיטֶער, ווַייל עֶס הָאט גֶעגְרֵייכְט בִּיז אָן דֵיין הַארְץ:

19 מֵיינֶע גֶעדֶערְם, מֵיינֶע גֶעדֶערְם, עֶס טְהוּט מִיר ווֵייא אִין דִיא ווֶענְד (קַאמֶערִין) פוּן מֵיין הַארְץ, מֵיין הַארְץ בְּרוּמְט מִיר, אִיךְ קֶען נִיט שְׁטִיל שְׁווַייגֶען, וָוארִין דָאס קוֹל פוּן דֶעם שׁוֹפָר הֶערְסְט דוּא מֵיין נֶפֶשׁ, דָאס גֶעשְׁרֵייא פוּן דֶער מִלְחָמָה:

20 אֵיין בְּרָאךְ אוֹיף אֵיין בְּרָאךְ וֶוערְט

אויסגערופען, ווייל דאס גאנצע לאנד
איז צושטערט, פלוצלינג זענען צו־
שטערט געוואָרען מיינע געצעלטער,
אין איין רגע (אויגענבליק)־מיינע
פאָרהאנגען:
21 ביז וויא לאנג וועל איך זעהען
דיא (קריגס) פאָהן, אונד הערען דאס
קול פון שופר?
22 וואָרין מיין פאָלק איז פערנארישט,
זייא ווילען מיך ניט קענען, נארישע
קינדער זענען זייא אונד ניט פער־
שטענדיג, זייא זענען קלוג שלעכטעס
צו טהון, אבער גוטעס צו טהון ווייסען
זייא ניט:
23 איך זעה דיא ערד, אונד זעה
דאס זיא איז וויסט אונד לעער, אונד
איך (קוק) צו דעם הימעל, אונד זייא
האָבען ניט זייער ליכט:
24 איך זעה דיא בערג, אונד זעה,
זייא ציטערן, אונד אלע היגעלן זענען
פערדארבען:
25 איך זעה (ווייטער) אונד זעה,
אז קיין מענש איז ניט דא, אונד אלע
פייגעל פון דעם הימעל זענען אוועק־
געפלויגען:
26 איך זעה (נאך ווייטער) אונד זעה,
דאס פרוכטבארע פעלד איז געוואָרען
צו איין מדבר, אונד אלע זיינע שטעט
זענען צובראָכען פאר דעם האר פאר
זיין ברענענדיגען צארן:
27 וואָרין אזוי זאגט דער האר, וויסט
זאל זיין דאס גאנצע לאנד, אבער איין
ענד וועל איך מיט איהם ניט מאכען:
28 אויף דאס דאזיגע טרויערט דיא
ערד, אונד דיא הימעלן פון אויבען
זענען פערשווארצט, דארום דאס איך
האב גערעט אונד בעשטימט, אונד
איך בערענק מיך ניט, אונד איך וועל
מיך ניט אפּהאלטען פון דיזען:
29 פון דעם קול פון דעם רייטער
אונד בויגענשיסער לויפט אוועק דיא
גאנצע שטאָט, זייא קומען אריין אין
געדיכטע וועלדער אונד זייא גייען
ארויף אויף דיא פעלזען, דיא גאנצע
שטאָט איז פערלאָזט, אונד קיין מענש
וואוינט ניט אין זייא:
30 אבער דוא צושטערטע, וואס
טהוסט דוא דאס דוא קליידעסט דיך
מיט פורפור? דאס דוא ציערסט דיך
מיט גאָלדענע צירונג, דאס דוא רייסט
אויף דיינע אויגען מיט פארב? אומזיסט
מאכסט דוא דיך שיין, דיינע ליבּ־
האָבער פערהאסען דיך, דיינע זעלע
בעגערען זייא:
31 וואָרין איך הער איין געשרייא וויא
פון איינע קראנקע, איין נוטה (גע־
שרייא) וויא פון איינע וואס געבערט
איהר ערשטעס קינד! דאס איז דאס
געשרייא פון דיא טאָכטער פון ציון,
זיא קרעכצט, זיא פערשפרייט איהרע
הענד, אוי ווייא צו מיר! וואָרין מיינע
זעלע איז מיד (פון דיא שלעג) פון
דיא מערדער:

## קאפּיטעל ה

1 גייט דורך דיא גאסען פון ירושלים,
אונד זעהט דאך אונד ווייסט, אונד
זוכט אין איהרע שטראסען אויב איהר
וועט געפונען איין מענש, אויב עס איז
איינער דא דער וואס טהוט משפט,
וואס זוכט גלויבען, אזוי וועל איך איהר
פערגעבען:
2 אונד אויב זייא זאגען, אזוי וואהר
וויא דער האר לעבט, שווערען זייא
דאריבער פאלש:

3 אָ הַאר, דֵיינֶע אויגֶען, זֶענֶען זַייא דֶען נִיט צוּ דִיא טְרַייֶע ! דוּא הָאסְט זַייא גֶעשְׁלָאגֶען, אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעקְרֶענְקְט, דוּא הָאסְט זַייא פֶערְלֶענְט, אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט גֶעמֶען קֵיין צִיכְטִיגוּנְג (מוּסָר), זַייא הָאבֶּען זֵייעֶרֶע אָנְגֶעזִיכְטֶער הַארְטֶער גֶעמַאכְט וִויא אַ פֶעלְז, זַייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט צוּרִיקְקֶעהְרֶען :

4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט (גֶעדַאכְט) זַייא זֶענֶען נָאר אָרֶעמֶע לַייט, זַייא זֶענֶען נַארִישׁ גֶעוָוארֶען, וָוארִין זַייא ווייסֶען נִיט דֶעם וֶועג פוּן דֶעם הַאר, דָאס רֶעכְט פוּן זַייעֶר גָאט :

5 אִיךְ וֶועל מִיר גֵיין צוּ דִיא גְרויסֶע אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיט זַייא רֶעדֶען, וָוארִין זַייא ווייסֶען דֶעם וֶועג פוּן דֶעם הַאר, דָאס רֶעכְט פוּן זַייעֶר גָאט, אָבֶּער זַייא הָאבֶּען צוּזַאמֶען צוּבְּרָאכֶען דָאס יָאךְ, זַייא הָאבֶּען צוּרִיסֶען דִיא שְׁטְרִיק :

6 דַארוּם שְׁלָאגְט זַייא דֶער לֵייבּ פוּן דֶעם וַואלְד, דֶער וָואלְף פוּן דֶער ווִיסְטֶענַייא צוּשְׁטֶערְט זַייא, דֶער לֶעמְפֶּערְט לויעֶרְט אוֹיף זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט, יֶעדֶער וָואס גֶעהְט פוּן זַייא אַרויסְגֵיין וֶוערְט צוּרִיסֶען, וָוארִין זַייא הָאבֶּען פֶערְמֶעהְרְט זֵייעֶרֶע זִינְד, זַייא הָאבֶּען פֶערשְׁטַארְקְט זֵייעֶרֶע אָפְּקֶעהְרוּנְג :

7 וִויא קֶען אִיךְ דִיר דָאס דָאזִיגֶע פֶערְגֶעבֶּען (מוֹחֵל זַיין), דֵיינֶע קִינְדֶער הָאבֶּען מִיךְ פֶערְלָאזֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁוָוארֶען בֵּייא דֶעם וָואס אִיז נִיט קֵיין גָאט, אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ זַייא גֶעזֶעטִיגְט דָאךְ הָאבֶּען זַייא אוּנְ־צוּכְט גֶעטְרִיבֶּען (מְזַנֶּה גֶעוֶועזֶען), אוּנְד אִין דֶעם הויז פוּן אֵיין זוֹנָה הָאבֶּען זַייא זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט :

8 וִויא גֶעשְׁפֵּייזְטֶע פֶערְד הָאבֶּען זַייא גֶעשְׁרִיגֶען אַם פְרִיה־מָארְגֶען, יֶעדֶערֶער צוּ דֶעם ווייבּ פוּן זַיין פְרֵיינְד :

9 זָאל אִיךְ אוֹיף אַזָאלְכֶע נִיט דֶענְקֶען צוּ שְׁטְרָאפֶען ? זָאגְט דֶער הַאר, אָדֶער זָאל אָן אֵיין פָאלְק וִויא דָאס דָאזִיגֶע מֵיינֶע זֶעלֶע נִיט נְקָמָה גֶעמֶען ?

10 גֵייט אַרוֹיף אוֹיף אִיהְרֶע מוֹיעֶרְן אוּנְד פֶערְדַארְבְּט זַייא, אָבֶּער אֵיין עֶנְד זָאלְט אִיהְר נִיט מַאכֶען, טְהוּט אָפּ אִיהְרֶע צְווַייגֶען, וָוארִין זַייא גֶעהֶערֶען נִיט צוּ דֶעם הַאר :

11 וָוארִין אוּנְטְרֵייא זֶענֶען מִיר גֶעוָוארֶען דָאס הויז יִשְׂרָאֵל אוּנְד דָאס הויז יְהוּדָה, זָאגְט דֶער הַאר :

12 זַייא הָאבֶּען פֶערְלֵייקֶענְט אִין דֶעם הַאר אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס עֶר אִיז עֶס נִיט, אוּנְד עֶס וֶועט אִיבֶּער אוּנְס קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס נִיט קוּמֶען, אוּנְד שְׁוֶוערְד אוּנְד הוּנְגֶער וֶועלֶען מִיר נִיט זֶעהֶען :

13 אוּנְד דִיא נְבִיאִים וֶועלֶען זַיין צוּ ווינְד, וַוייל דָאס וָוארְט (פוּן גָאט) אִיז נִיט אִין זַייא, אַזוֹי זָאל זַייא גֶעטְהוּן וֶוערֶען :

14 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט צְבָאוֹת, וַוייל אִיהְר הָאט גֶערֶעט דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט, זֶעה אִיךְ גֶעבּ מֵיין וָוארְט אִין דֵיין מוֹיל וִויא אֵיין פֵייעֶר, אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק זָאל זַיין וִויא הָאלְץ, אוּנְד עֶס זָאל זַייא פֶערְצֶעהְרֶען (פֶערְבְּרֶענֶען) :

15 זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג אִיבֶּער אֵייךְ אֵיין פָאלְק פוּן אֵיין וַוייט אָרְט, אָ הויז יִשְׂרָאֵל ! זָאגְט דֶער הַאר, עֶס אִיז אֵיין שְׁטַארְקֶעס פָאלְק, אֵיין אַלְטֶעס פָאלְק, אֵיין פָאלְק וָואס דוּא קֶענְסְט נִיט זַיין



שְׁפּרַאךְ

שְׁפְּרַאךְ, אוּנְד דוּא הֶערְסְט (פֶערְ־
שְׁטֵייסְט) נִיט וָואס עֶר רֶעט:
16 זֵיין פֵייל־עֶנְשֵׁייד אִיז גְלֵייךְ וויא אַיין
אָפֶענֶעס קֶבֶר, זֵייא זֶענֶען אַלֶע שְׁטַארְקֶע
הֶעלְדֶען:
17 אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיפְעֶסֶען דֵיינֶע
גֶעשְׁנִיטֶענֶע (תְּבוּאָה) אוּנְד דֵיין בְּרוֹיט,
זֵייא וֶועלֶען פְרֶעסֶען דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד
דֵיינֶע טֶעכְטֶער, עֶר וֶועט פְרֶעסֶען
דֵיינֶע שָׁאף אוּנְד דֵיינֶע רִינְדֶער, עֶר
וֶועט פְרֶעסֶען דֵיין ווַיינְשְׁטָאק אוּנְד
דֵיין פֵייגֶענְבּוֹים, עֶר וֶועט פֶערְאָרֶעמֶען
דֵיינֶע פֶעסְטֶע שְׁטֶעט אוֹיף וֶועלְכֶע
דוּא פֶערְזִיכֶערְסְט דִיךְ, מִיט דֶעם
שְׁוֶוערְד:
18 אוּנְד אוֹיךְ אִין יֶענֶע טֶעג, זָאגְט
דֶער הַאר, וֶועל אִיךְ פוּן אֵייךְ קֵיין
עֶנְד נִיט מַאכֶען:
19 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין, וֶוען אִיהְר
וֶועט זָאגֶען, פַאר וָואס הָאט אוּנְס
דֶער הַאר, אוּנְזֶער גָאט, דָאס אַלֶעס
גֶעטְהוּן? אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא
זָאגֶען, אַזוֹי וויא אִיהְר הָאט מִיךְ
פֶערְלָאזְט, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעדִינְט
פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער אִין אֵייעֶר לַאנְד,
אַזוֹי זָאלְט אִיהְר פְרֶעמְדֶע דִינֶען, אִין
אַיין לַאנְד וָואס גֶעהֶערְט נִיט צוּ
אֵייךְ:
20 זָאגְט דָאס אָן אִין דֶעם הוֹיז פוּן
יַעֲקֹב, אוּנְד מַאכְט עֶס הֶערֶען אִין
דֶעם הוֹיז פוּן יְהוּדָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
21 הֶערְט נוּן דָאס דָאזִיגֶע, אִיהְר
נַארִישֶׁעס פָאלְק וָואס הָאט נִיט קֵיין
הַארְץ (פֶערְשְׁטַאנְד) זֵייא הָאבֶען אוֹיגֶען
אוּנְד זֶעהֶען נִיט, זֵייא הָאבֶען אוֹירֶען
אוּנְד הֶערֶען נִיט:
22 זָאלְט אִיהְר אֵייךְ נִיט פַאר מִיר
פָארְכְטֶען? זָאגְט דֶער הַאר (גָאט),
אָדֶער זָאלְט אִיהְר נִיט פַאר מִיר
צִיטֶערְן? וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט
דָאס זַאמְד אַלְס אַיין גְרֶענֶעץ צוּ דֶעם
יַם, אַיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ, דָאס עֶר
זָאל אִיהְם נִיט אִיבֶּערְטְרֶעטֶען, אוּנְד
אַז זֵייא (דִיא וַואסֶערְן) מַאכֶען אַיין
גֶערוֹיש, דָאךְ קֶענֶען זֵייא גָאר נִיט
טְהוּן, אוּנְד אַז זֵיינֶע אִינְדֶען (וֶועלְלֶען)
שְׁטוּרְמֶען דָאךְ קֶענֶען זֵייא נִיט אִיבֶּער־
טְרֶעטֶען:
23 אָבֶּער צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק אִיז
אַיין אָפְּגֶעקֶעהְרְטֶעס אוּנְד ווִידֶער־
שְׁפֶּענִיגֶעס הַארְץ, זֵייא הָאבֶען אָפְּ־
גֶעקֶעהְרְט אוּנְד זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען:
24 אוּנְד זֵייא הָאבֶען נִיט גֶעזָאגְט אִין
זֵיירֶע הֶערְצֶער, מִיר זָאלֶען אוּנְס דָאךְ
פָארְכְטֶען פַאר דֶעם הַאר, אוּנְזֶער
גָאט, וָואס עֶר גִיט רֶעגֶען, דֶעם
פְרִיה־רֶעגֶען אוּנְד דֶעם שְׁפֶּעהְט־רֶעגֶען
אִין זֵיינֶע צֵייט, דִיא רֶעגֶעלְמֶעסִיגֶע
וָואכֶען פוּן שְׁנִיט־צֵייט בֶּעהִיט עֶר פַאר
אוּנְס:
25 אֵייעֶר פֶערְשׁוּלְדִיגוּנְג הָאבֶען דָאס
אַלֶעס אָפְּגֶענֵייגְט, אוּנְד אֵייעֶרֶע זִינְד
הָאבֶען פֶערְמִיטֶען דָאס גוּטֶע פוּן
אֵייךְ:
26 וָוארִין עֶס וֶוערֶען גֶעפוּנֶען אוּנְטֶער
מֵיין פָאלְק רְשָׁעִים, וָואס לוֹיעֶרְן גְלֵייךְ
וויא פוֹיגֶעל־שְׁטֶעלֶער, זֵייא הָאבֶען
אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט פֶערְדֶערְבֶּענִיס, זֵייא
הָאבֶען מֶענְשֶׁען גֶעפַאנְגֶען:
27 אַזוֹי וויא אַיין שְׁטֵייג פוּל מִיט
פֵייגֶעלְן, אַזוֹי זֶענֶען זֵיירֶע הֵייזֶער פוּל
מִיט בֶּעטְרָאג (פַאלְשְׁקֵייט), דַארוּם
זֶענֶען זֵייא גְרוֹיס אוּנְד רֵייךְ גֶעוָוארֶען:
23 זֵייא זֶענֶען פֶעט גֶעוָוארֶען, זֵייא



האבען

הָאבֶּען אוֹיסְגֶעדַאכְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אַ בֶּערְגֶעטְרֶעטֶען (דָאס מָאס) פוּן דָאס
שְׁלֶעכְטֶע, קֵיין דִין הָאבֶּען זֵייא נִיט
גֶעמִשְׁפֶּט, (מִיט אֱמֶת) דָאס רֶעכְט
פוּן דֶעם יָתוֹם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
מַצְלִיחַ גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דָאס מִשְׁפָּט
פוּן דִיא אֶבְיוֹנִים הָאבֶּען זֵייא נִיט
גֶעמִשְׁפֶּט:
29 זָאל אִיךְ אַזָאלְכֶע נִיט דֶענְקֶען צוּ
בֶּעשְׁטְרָאפֶען? זָאגְט דֶער הַאר, אָדֶער
זָאל אִיךְ מִיךְ נִיט נוֹקֵם זֵיין אוֹיף אַ
זָאלְכֶעס פָאלְק?
30 אֵיין שְׁרֶעקְלִיכֶעס אוּנְד שׁוֹידֶערְ־
הַאפְטֶעס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִין דֶעם לַאנְד:
31 דִיא נְבִיאִים זָאגֶען נְבִיאוּת אִין
פַאלְשְׁקֵייט, אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים הֶערְשֶׁען
דוּרְךְ זֵייעֶר הַאנְד (מַאכְט), אוּנְד מֵיין
פָאלְק הָאבֶּען עֶס אַזוֹי לִיבּ, וָואס וֶועט
אִיהְר אָבֶּער טְהוּן צוּ אִיהְר עֶנְד:

קאפיטעל ו

1 פֶערְזַאמֶעלְט אֵייךְ (צוּ עֶנְטְלוֹיפֶען)
אִיהְר קִינְדֶער פוּן בִּנְיָמִן, פוּן מִיטֶען
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אִין תְּקוֹעַ בְּלָאזְט דֶעם
שׁוֹפָר, אוּנְד אִין דֶעם בֵּית הַכֶּרֶם הֵייבְּט
אוֹיף אֵיין צֵייכֶען (סִיגְנַאל) וָוארִין
שְׁלֶעכְטֶעס קוּקְט אַרוֹיס פוּן צָפוֹן־זֵייט,
אוּנְד אֵיין גְרוֹיסֶער בְּרָאךְ (אוּנְגְלִיק):
2 צוּ אֵיין שֵׁיינֶע אוּנְד גֶעצֶערְטֶעלְטֶע
הָאבּ אִיךְ דִיךְ פֶערְגְלַייכְט, דוּא טָאכְטֶער
פוּן צִיוֹן:
3 קֶעגֶען אִיהְר זָאלֶען קוּמֶען דִיא
הֶערְטֶען (פַּאסְטוּכֶער) מִיט זֵייעֶרֶע הֶערְ־
דֶען (סְטַאדֶעס), זֵייא שְׁטֶעלֶען אוֹיף
אַרוּם אִיהְר גֶעצֶעלְטֶען, יֶעדֶערֶער וֶועט
פִּיטֶערְן זֵיין אָרְט (פֶעלְד):
4 הֵיילִיגְט אִיבֶּער אִיהְר אֵיין מִלְחָמָה,
אוּנְד לָאזֶען מִיר אַרוֹיפְגֵיין אִין מִיטֶען
טָאג, וֶוייא צוּ אוּנְס, וָוארִין דֶער טָאג
הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעקֶעהְרְט (גֶעוֶוענְדֶעט),
וָוארִין עֶס הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין גֶענֵייגְט
דִיא שָׁאטֶענְס פוּן דֶעם אָבֶענְד:
5 שְׁטֵייט אוֹיף אוּנְד לָאזֶען מִיר
אַרוֹיפְגֵיין בֵּייא נַאכְט, אוּנְד לָאזֶען מִיר
צוּשְׁטֶערֶען אִיהְרֶע פַּאלַאסְטֶען:
6 וָוארִין אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר
צְבָאוֹת, שְׁנֵיידֶעט הָאלְץ אוּנְד שִׁיט
אוֹיף קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם אֵיין שַׁאנְץ
(וַואל)! זִיא אִיז דִיא שְׁטָאט וָואס זִיא
אִיז אוּנְטֶערְגֶעזוּכְט גֶעוָוארֶען, זִיא אִיז
אִין גַאנְצֶען אִין אִיהְר מִיטֶען מִיט
אוּנְטֶערְדְרִיקוּנְג:
7 אַזוֹי וִויא אֵיין בְּרוּנֶען לָאזְט קְוֶועלֶען
אִיהְר וַואסֶער, אַזוֹי הָאט אַרוֹיסְגֶעקְוֶועלְט
אִיהְר שְׁלֶעכְטֶעס, גֶעוַואלְדְהֵייט אוּנְד
פֶערְוִויסְטוּנְג וֶוערְט אִין אִיהְר גֶעהֶערְט
תָּמִיד פַאר מֵיין אָנְגֶעזִיכְט, קְרַאנְקְהֵייט
אוּנְד וְואוּנְדֶען:
8 שְׁטְרָאף דִיךְ יְרוּשָׁלַיִם, כְּדֵי מֵיינֶע
זֶעעֶלֶע זָאל זִיךְ נִיט פוּן דִיר אַוֶועקְ־
רִיקֶען, דָאס אִיךְ זָאל דִיךְ נִיט מַאכֶען
צוּ וִויסְט, צוּ אֵיין לַאנְד וָואס אִיז נִיט
בֶּעזֶעצְט (בֶּעוְואוֹינְט):
9 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, מֶען
זָאל אִים גַאנְצֶען אָפְּרֵייסֶען וִויא
אֵיין וֵויינְשְׁטָאק דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע
יִשְׂרָאֵל, קֶעהְר צוּרִיק דֵיינֶע הַאנְד וִויא
אֵיין טְרוֹיבֶּען שְׁנֵיידֶער צוּ דִיא קֶערְבּ:
10 צוּ וֶועמֶען זָאל אִיךְ רֶעדֶען אוּנְד
צֵייגֶען דָאס זֵייא זָאלֶען הֶערֶען? וֶועה,
אוּמְבֶּעשְׁנִיטֶען אִיז זֵייעֶר אוֹיעֶר, אוּנְד
זֵייא קֶענֶען נִיט פֶערְנֶעמֶען, וֶועה, דָאס
וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז זֵייא צוּ
שַׁאנְד, זֵייא בֶּעגֶעהְרֶען אִיהְם נִיט:
11 אוּנְד (דַארִיבֶּער) בִּין אִיךְ פוּל

מִיט דֶעם גְרִימְצָארְן פוּן דֶעם הַאר, אִיךְ בִּין מִיד גֶעוָוארֶען אֵיינְצוּהַאלְטֶען, גִיס אוֹיס (טְרֶערֶען) אִיבֶּער דִיא קִינְדֶער אוֹיף דֶער גַאס, אוּנְד אוֹיף דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן דִיא יוּנְגֶע לֶייט, מִיט אֵיינַאנְדֶער, וָוארִין אוֹיךְ דֶער מַאן אוּנְד דִיא פְרוֹיא וֶועלֶען בֶּעצְוָואוּנְגֶען וֶוערֶען, דֶער אַלְטֶער, אוּנְד דֶער וָואס אִיז פוּל (זַאט) מִיט טֶעג:

12 אוּנְד עֶס וֶועלֶען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען זֵייעֶרֶע הֵייזֶער צוּ אַנְדֶערֶע, פֶעלְדֶער אוּנְד וַוייבֶּער אִין אֵיינֶעם, וָוארִין אִיךְ וֶועל אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען מֵיינֶע הַאנְד אִיבֶּער דִיא אֵיינְוָואוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד, זָאגְט דֶער הַאר:

13 וָוארִין פוּן זֵייעֶר קְלֶענְסְטֶען בִּיז צוּ זֵייעֶר גְרֶעסְטֶען, זֶענֶען זֵייא אַלֶע פֶערְזָאגְט נָאךְ גֶעוִוין (גֵייצִיג נָאךְ גֶעלְד), אוּנְד פוּן דֶעם נָבִיא בִּיז צוּ דֶעם כֹּהֵן, טְהוּן זֵייא אַלֶע פַאלְשׁ:

14 אוּנְד זֵייא ווִילֶען הֵיילֶען דָאס אוּנגְלִיק (בְּרָאךְ) פוּן מֵיין פָאלְק מִיט אֵיין גְרִינְגֶעס (וָוארְט) אַזוֹי צוּ זָאגֶען שָׁלוֹם, שָׁלוֹם! אָבֶּער עֶס אִיז דָאךְ נִיט קֵיין שָׁלוֹם:

15 זֵייא זֶענֶען פֶערְשֶׁעמְט גֶעוָוארֶען, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן אוּמְוִוירְדִיגְקֵייט, זֵייא שֶׁעמֶען זִיךְ אָבֶּער אוֹיךְ נִיט, אוֹיךְ פֶערשְׁטֵייעֶן זֵייא נִיט אִים זִיךְ צוּ שֶׁעמֶען! דָארוּם וֶועלֶען זֵייא פַאלֶען אוּנְטֶער דִיא גֶעפַאלֶענֶע, אִין דֶער צֵייט וֶוען אִיךְ וֶועל זֵייא שְׁטְרָאפֶען, וֶועלֶען זֵייא גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען, זָאגְט דֶער הַאר:

16 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, שְׁטֵייט אוֹיף דִיא וֶועגֶען, אוּנְד זֶעהְט, אוּנְד פְרֶעגְט נָאךְ דִיא יאַנְץ אַלְטֶע שְׁטֶעגֶען, וֶועלְכֶער אִיז דֶער גוּטֶער וֶועג, אוּנְד גֵייט דַארוֹיף אַזוֹי וֶועט אִיהְר רוּהֶע גֶעפִינֶען צוּ אֵיירֶע נְפָשׁוֹת, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר וֶועלֶען נִיט גֵיין:

17 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט וָועכְטֶער אִיבֶּער אֵייךְ, פֶערְנֶעמְט צוּ דֶעם קוֹל פוּן שׁוֹפָר, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט מִיר וֶועלֶען נִיט פֶערְנֶעמֶען:

18 דָארוּם הֶערְט אִיהְר פֶעלְקֶער, אוּנְד דֶערְקֶענְט דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, דָאס וָואס אִיז אוּנְטֶער זֵייא:

19 הֶער צוּ דוּא עֶרְד! זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג שְׁלֶעכְטֶעס צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק, דִיא פְרוּכְט פוּן זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען מֵיינֶע וֶוערְטֶער נִיט פֶערְנוּמֶען אוּנְד מֵיין תּוֹרָה הָאבֶּען זֵייא פֶערְהַאסְט:

20 צוּ וָואס זָאל מִיר קוּמֶען וֵויירוֹיךְ פוּן שְׁבָא, אוּנְד דָאס גוּטֶע רָאהְר פוּן אֵיין וַוייטֶען לַאנְד? אַז אֵיירֶע בְּרַאנְד־אָפְּפֶער (עולות) זֶענֶען נִיט צוּם וואוֹילְגֶעפַאלֶען, אוּנְד אֵיירֶע שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער (זְבָחִים) זֶענֶען מִיר נִיט אַנְגֶענָאמֶען:

21 דָארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, אִיךְ גֶעבּ צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען, אוּנְד עֶס וֶועלֶען זִיךְ אִיבֶּער זֵייא שְׁטְרוֹיכֶעלְן עֶלְטֶערְן אוּנְד קִינְדֶער צוּזַאמֶען, דֶער בֶּעוָואוֹינֶער אוּנְד זֵיין פְרֵיינְד וֶועלֶען פֶערְלוֹירֶען גֵיין:

22 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, אֵיין פָאלְק קוּמְט פוּן דֶעם לַאנְד פוּן צָפוֹן־זֵייט, אוּנְד אֵיינֶע גְרוֹיסֶע נַאצְיָאן וֶועקְט זִיךְ אוֹיף פוּן דִיא עֶנְדֶען פוּן דֶער עֶרְד:

23 זֵייא הַאלְטֶען בּויגֶען אוּנְד שְׁפִּיזֶען,
עֶר אִיז אֵיין אַכְזָר אוּנְד וֶועט זִיךְ נִיט
דֶערבַּארְמֶען, זֵייעֶר קול בְּרוּמְט וִויא
דָאס יַם, אוּנְד זֵייא רֵייטֶען אויף פֶערְד,
צוּגֶעבְּרֵייט וִויא אֵיין מַאן צוּ דֶער
מִלְחָמָה, קֶעגֶען דִיר טָאכְטֶער פוּן צִיוֹן:
24 מִיר הָאבֶּען פוּן אִיהְם נַאכְרִיכְט
גֶעהֶערְט, אוּנְזֶערֶע הֶענְד זֶענֶען שְׁלַאף
גֶעוָוארֶען, אַנְגְסְט הָאט אוּנְס אָנְגֶעחַאפְּט,
אַ צִיטֶערְנִישׁ וִויא אֵיין גֶעבֶּערֶערִין
(גֶעוִוינֶערִין):
25 גֵייט נִיט אַרוים אויף דֶעם פֶעלְד,
אוּנְד גֵייט נִיט אויף דֶעם וֶועג, וָוארִין
דָאס שְׁוֶוערְד פוּן דֶעם פֵיינְד אִיז
פוּרְכְטֶערְלִיךְ פוּן אַרוּם:
26 דוּא טָאכְטֶער פוּן מֵיין פָאלְק,
גַארְטֶעל דִיךְ אַרוּם מִיט אֵיין זַאק,
אוּנְד וַואלְגֶער דִיךְ מִיט אַשׁ, מַאךְ דִיר
אֵיין טְרוֹיעֶר וִויא פַאר אֵיין אֵיינְצִיגֶען
זוּהְן, אֵיין זֶעהְר בִּיטֶערֶע קְלָאג, וָוארִין
פְּלוּצְלִינְג וֶועט אִיבֶּער אוּנְס קוּמֶען
דֶער רוֹיבֶּער (פֶערְדַארְבֶּער):
27 אַלְס אֵיין פְּרִיפֶער הָאבּ אִיךְ דִיךְ
גֶעגֶעבֶּען אוּנְטֶער מֵיין פָאלְק, צוּ אֵיינֶע
פֶעסְטֶע מוֹיעֶר, דָאס דוּא זָאלְסְט דֶערְ־
קֶענֶען אוּנְד פְּרִיפֶען זֵייעֶר וֶועג:
28 זֵייא זֶענֶען אַלֶע אָפְּקֶעהְרֶער
אוּנְטֶער דִיא אָפְּקֶעהְרֶערְס (וִוידֶערְ־
שְׁפֶּענִיגֶער), זֵייא גֵייעֶן אַרוּם מִיט
רְכִילוּת, זֵייא זֶענֶען אַלֶע וִויא קוּפֶּער
אוּנְד אֵייזֶען (גֶעוָוארֶען), זֵייא זֶענֶען
פֶערְדַארְבֶּער:
29 עֶס בְּרֶענְט דֶער בְּלָאז־אוֹיבֶען,
פוּן דֶעם פֵייעֶר אִיז דָאס בְּלֵייא פֶערְ־
צֶעהְרְט, אוּמְזִיסְט לֵייטֶערְט מֶען אוּנְד
מֶען לֵייטֶערְט, אוּנְד דִיא שְׁלֶעכְטֶע
וֶוערֶען נִיט אָפְּגֶערִיסֶען:
30 פֶערְהַאסְטֶעס זִילְבֶּער רוּפְט מֶען
זֵייא, וָוארִין דֶער הַאר הָאט זֵייא
פֶערְוָוארְפֶען:

קאפּיטעל ז

1 דָאס אִיז דָאס וָוארְט וָואס אִיז גֶע־
וֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ, פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען:
2 שְׁטֶעל דִיךְ אִין דֶעם טוֹיעֶר פוּן
דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט דָארְטֶען אויסְרוּפֶען דָאס דָאזִיגֶע
וָוארְט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, הֶערְט
דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם הַאר גַאנְץ
יְהוּדָה, דִיא וָואס קוּמֶען דוּרְךְ דִיא
דָאזִיגֶע טוֹיעֶרְן, כְּדֵי זִיךְ צוּ בִּיקֶען
פַאר דֶעם הַאר:
3 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, בֶּעסֶערְט אויס אֵיירֶע
וֶועגֶען אוּנְד אֵיירֶע וֶוערְק, אוּנְד אַזוֹי
וֶועל אִיךְ אֵייךְ לָאזֶען וְואוֹינֶען אִין
דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט:
4 פֶערְזִיכֶערְט אֵייךְ נִיט אִין דִיא
פַאלְשֶׁע וֶוערְטֶער, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער
טֶעמְפֶּעל (פַּאלַאץ) פוּן דֶעם הַאר,
טֶעמְפֶּעל פוּן דֶעם הַאר, טֶעמְפֶּעל פוּן
דֶעם הַאר זֶענֶען זֵייא:
5 נֵייעֶרְט אִיהְר זָאלְט אִים גַאנְצֶען
אויסְבֶּעסֶערֶען אֵיירֶע וֶועגֶען אוּנְד
אֵיירֶע וֶוערְק, אויבּ אִיהְר וֶועט גֶעוִויס
טְהוּן מִשְׁפָּט (רֶעכְט) צְוִוישֶׁען אֵיין מַאן
אוּנְד זֵיין חַבֵר:
6 דֶעם פְּרֶעמְדֶען אוּנְד דֶעם יָתוֹם
אוּנְד דִיא אַלְמָנָה זָאלְט אִיהְר נִיט
אוּנְטֶערְדְרִיקֶען, אוּנְד אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס
בְּלוּט פֶערְגִיסְט נִיט אִין דֶעם דָאזִיגֶען
אָרְט, אוּנְד פְּרֶעמְדֶע גֶעטֶער זָאלְט
אִיהְר נִיט נָאכְגֵיין אַז עֶס זָאל צוּ אֵייךְ
זֵיין שְׁלֶעכְט:

7 אַזוי וֶועל אִיךְ אֵייךְ לָאזֶען וְואוֹינֶען
אִין דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, אִין דֶעם לַאנְד
וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵיירֶע עֶלְטֶערְן
גֶעגֶעבֶּען פוּן אֵייבִּיג בִּיז אֵייבִּיג׃
8 זֶעהְט, אִיהְר פֶּערְזִיכֶערְט אֵייךְ אוֹיף
דִיא פַאלְשֶׁע וֶוערְטֶער, אוֹיף זָאכֶע
דִיא וָואס (קֶענֶען) נִיט הֶעלְפֶען׃
9 זָאלְט אִיהְר דָען גַנְבֶנְ'ן מָארְדֶען
אוּנְד זְנוּת טְרֵייבֶּען פַאלְשׁ שְׁוֶוערֶען,
דֶעמְפְּפֶען (רֵייכֶערְן) צוּ דֶעם בַּעַל,
אוּנְד נָאכְגֵיין נָאךְ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער
וָואס אִיהְר קֶענְט זֵייא נִיט׃
10 אוּנְד דֶערְנָאךְ קוּמֶען אוּנְד
אֵייךְ פַאר מִיר אַהִינְשְׁטֶעלֶען אִין
דֶעם דָאזִיגֶען הויז וָואס מֵיין נָאמֶען
אִיז אִיבֶּער אִיהְם גֶערוּפֶען, אוּנְד אִיהְר
וֶועט זָאגֶען, מִיר זֶענֶען גֶערֶעטֶעט כְּדֵי
דִיא דָאזִיגֶע אַלֶע אוּמְווִירְדִיגְקֵייטֶען צוּ
טְהוּן?
11 אִיז דֶען דָאס דָאזִיגֶע הויז אֵיין
הֵייל פוּן רוֹיבֶּער גֶעוָוארֶען וָואס מֵיין
נָאמֶען אִיז אִיבֶּער אִיהְם גֶערוּפֶען, אִין
אֵיירֶע אוֹיגֶען? יָא, אִיךְ אַלֵיין, זֶעה,
אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעזֶעהֶען, זָאגְט דֶער
הַאר׃
12 וָוארִין גֵייט דָאךְ אַהִין צוּ מֵיין
אָרְט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין שִׁילוֹ,
וְואוּ אִיךְ הָאבּ אַם עֶרְשְׁטֶען מֵיין נָאמֶען
גֶעלָאזְט וְואוֹינֶען, אוּנְד זֶעהְט וָואס
אִיךְ הָאבּ צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן, וֶועגֶען
דִיא שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט פוּן מֵיין פָאלְק
יִשְׂרָאֵל׃
13 אוּנְד אַצוּנְד, וַוייל אִיהְר הָאט
אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְק גֶעטְהוּן, זָאגְט
דֶער הַאר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ
גֶערֶעט יֶערֶען פְרִיהְמָארְגֶען, אוּנְד
ווִידֶער גֶערֶעט, אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט
גֶעהֶערְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶערוּפֶען
אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט׃
14 אַזוי וֶועל אִיךְ טְהוּן צוּ דֶעם הויז,
וָואס מֵיין נָאמֶען אִיז אִיבֶּער אִיהְם
גֶערוּפֶען, וָואס אִיהְר פֶערְזִיכֶערְט אֵייךְ
אִין אִיהְם, אוּנְד צוּ דֶעם אָרְט וָואס
אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען צוּ אֵייךְ אוּנְד צוּ
אֵיירֶע עֶלְטֶערְן, ווִיא אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן
צוּ שִׁילוֹ׃
15 אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ פֶערְוַוארְפֶען
פוּן מֵיין אָנְגֶעזִיכְט, אַזוי ווִיא אִיךְ
הָאבּ אַלֶע אֵיירֶע בְּרִידֶער פֶערְוָוארְפֶען,
דֶעם גַאנְצֶען זָאמֶען (זֶרַע) פוּן
אֶפְרָיִם׃
16 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט בֶּעטֶען
פַאר דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט פַאר זֵייא נִיט אוֹיפְהֵייבֶּען אֵיין
גֶעשְׁרֵייא אוּנְד גֶעבֶּעט, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט זֵייא נִיט פֶּערטְרֶעטֶען אִין מִיר,
וָוארִין אִיךְ הֶער דִיךְ נִיט׃
17 זֶעהְסְט דוּא דֶען נִיט וָואס זֵייא
טְהוּן אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה אוּנְד
אִין דִיא גַאסֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם?
18 דִיא קִינְדֶער קְלוֹיבֶּען הָאלְץ, אוּנְד
דִיא עֶלְטֶערְן צִינְדֶען אָן דָאס פֵייעֶר,
אוּנְד דִיא ווַייבֶּער קְנֶעטֶען דָאס טֵייג
צוּ מַאכֶען קוּכֶען צוּ דִיא הֶערְשַׁאפְטֶען
פוּן דֶעם הִימֶעל אוּנְד גִיסֶען טְרִינְק־
אָפְּפֶער (נְסָכִים) פַאר אַנְדֶערֶע גֶעטֶער,
כְּדֵי מִיךְ צוּ דֶערְצָארְנֶען׃
19 אָבֶּער טְהוּן זֵייא מִיךְ דֶען
דֶערְצָארְנֶען? זָאגְט דֶער הַאר, טְהוּן
זֵייא דֶען נִיט זִיךְ זֶעלְבְּסְט פֶערְשֶׁעמֶען
זֵייעֶר אָנְגֶעזִיכְט?
20 דַארוּם אַזוי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה,
מֵיין צָארְן אוּנְד מֵיין גְרִימְצָארְן אִיז
אוֹיסְגֶעגָאסֶען קֶעגֶען דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט,

אִיבֶּער דִיא מֶענְשֶׁען אוּנְד אִיבֶּער דִיא
פִּיה (בְּהֵמוֹת), אוּנְד אִיבֶּער דִיא בֵּיימֶער
פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד אִיבֶּער דִיא
פְרוּכְט פוּן דֶער עֶרְד, וָוארִין עֶס וֶועט
בְּרֶענֶען אוּנְד נִיט פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען:
21 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, טְהוּט אֵיירֶע בְּרַאנְד־
אָפְּפֶער (עוֹלוֹת) צוּ אֵיירֶע שְׁלַאכְט־
אָפְּפֶער, אוּנְד עֶסְט דָאס פְלֵיישׁ:
22 וָוארִין אִיךְ הָאבּ נִיט גֶערֶעט מִיט
אֵיירֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא
נִיט גֶעבָּאטֶען אִין דֶעם טָאג אַלְס אִיךְ
הָאבּ זֵייא אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט פוּן דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם, וֶועגֶען בְּרַאנְד־אָפְּפֶער
אוּנְד שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער:
23 נֵייעֶרְט דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט הָאבּ
אִיךְ זֵייא גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
הֶערְט צוּ מֵיינֶע שְׁטִימֶע, אוּנְד אִיךְ
וֶועל זַיין אֵייעֶר גָאט, אוּנְד אִיהְר וֶועט
זַיין מֵיין פָאלְק, אוּנְד אִיהְר זָאלְט גֵיין
אוֹיף אַלֶע וֶועגֶען, וָואס אִיךְ וֶועל אֵייךְ
גֶעבִּיטֶען, כְּדֵי עֶס זָאל אֵייךְ זַיין גוּט:
24 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהָארְכְט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען (אוֹיךְ) נִיט גֶענֵייגְט
זֵייעֶר אוֹיעֶר, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען
אִין זֵייעֶרֶע עֵצוֹת, אִין דֶעם אוֹיסְזִינְכְט
פוּן זֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע הֶערְצֶער, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם רִיקֶען
אוּנְד נִיט צוּ דֶעם אָנְגֶעזִיכְט:
25 פוּן דֶעם טָאג אָן, וֶוען אֵיירֶע
עֶלְטֶערְן זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, בִּיז צוּ דֶעם דָאזִיגֶען
טָאג, הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ אַלֶע מֵיינֶע
קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים גֶעשִׁיקְט, טֶעגְלִיךְ,
פְרִיהְמָארְגֶען, אוּנְד ווִידֶער גֶעשִׁיקְט:
26 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען מִיךְ נִיט גֶע־
הֶערְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶענֵייגְט
זֵייעֶר אוֹיעֶר, נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען
הַארְט גֶעמַאכְט זֵייעֶר נַאקֶען, זֵייא
זֶענֶען שְׁלֶעכְטֶער גֶעוֶועזֶען ווִיא זֵייעֶרֶע
עֶלְטֶערְן:
27 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט צוּ זֵייא
רֶעדֶען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע רֵייד, אַזוֹי
וֶועלֶען זֵייא דִיךְ דָאךְ נִיט הֶערֶען, אוּנְד
וֶוען דוּא וֶועסְט צוּ זֵייא רוּפֶען, אַזוֹי
וֶועלֶען זֵייא דִיר נִיט עֶנְטְפֶערְן:
28 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען,
דָאס אִיז דָאס פָאלְק וָואס הָאבֶּען נִיט
גֶעהֶערְט צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר,
זַיין גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען קֵיין מוּסָר
נִיט גֶענוּמֶען, עֶס אִיז פֶערְלוֹירֶען גֶע־
וָוארֶען דִיא טְרֵייהֵייט (גְלוֹיבֶּען), אוּנְד
עֶס אִיז אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען פוּן זֵייעֶר מוֹיל:
29 שֶׁעעֶר אָפּ דֵיין קְרוֹין (דִיא הָאר
פוּן דֵיין קָאפּ) אוּנְד וַוארְף עֶס אַוֶועק,
אוּנְד הֵייבּ אוֹיף אוֹיף דִיא הוֹיכֶע בֶּערְג
אֵיין טְרוֹיעֶרִיגֶע קְלָאג, וָוארִין דֶער
הַאר הָאט פֶערְהַאסְט אוּנְד עֶר הָאט
פֶערְלָאזְט דֶעם דוֹר פוּן זַיין צָארְן:
30 ווייל דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה
הָאבֶּען גֶעטְהוּן דָאס וָואס אִיז שְׁלֶעכְט
אִין מֵיינֶע אוֹיגֶען, זָאגְט דֶער הַאר,
זֵייא הָאבֶּען אַרֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט זֵייעֶרֶע
אוּמְווִירְדִיגְקֵייטֶען אִין דֶעם הוֹיז וָואס
מֵיין נָאמֶען אִיז אִיבֶּער אִיהְם גֶערוּפֶען
כְּדֵי עֶס צוּ פֶערְאוּמְרֵיינִיגֶען:
31 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבּוֹיט דִיא
בָּמוֹת פוּן תּוֹפֶת, וָואס זֶענֶען אִין דֶעם
טָהאל פוּן בֶּן־הִנּוֹם, כְּדֵי זֵייעֶרֶע זִיהְן
אוּנְד זֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער צוּ פֶערבְּרֶענֶען
אִין דֶעם פֵייעֶר, וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט
גֶעבָּאטֶען, אוּנְד עֶס אִיז אוֹיף מֵיין
הַארְץ (זִינְן) נִיט אוֹיפְגֶעקוּמֶען:
32 דַארוּם זֶעה, עֶס וֶועלֶען קוּמֶען

טעג, זאָגט דער האר, דאָס מען וועט
מעהר ניט זאָגען, דער תופת אונד
דאָס טהאל פון בן־הנום, נייערט דאָס
טהאל פון דיא דערשלאָגענע, אונד
מען וועט בעגראָבען אין תופת וייל
עס וועט ניט מעהר זיין קיין אָרט:
33 אונד דיא טויטע קערפּער פון
דעם דאזיגען פאָלק וועלען זיין צו
עסען פאַר דיא פייגעל פון דעם הימעל,
אונד פאַר דיא בהמות פון דעם לאַנד,
אונד קיינער וועט זייא ניט דערשרעקען:
34 אונד איך וועל צושטערען פון דיא
שטעט פון יהודה אונד פון דיא גאַסען
פון ירושלים, דאָס קול פון פרייד אונד
איין פריילֿיך קול, דאָס קול פון דעם
חתן אונד דאָס קול פון דער כלה,
וואָרין צו אַ פערוויסטונג וועט זיין
דאָס לאַנד:

## קאפיטעל ח

1 אין יענער צייט, זאָגט דער האר,
וועלען זייא אַרויסנעמען דיא ביינער
פון דיא קעניגע פון יהודה, אונד דיא
ביינער פון זייערע הארען אונד דיא
ביינער פון דיא כהנים אונד דיא
ביינער פון דיא נביאים, אונד דיא
ביינער פון דיא איינוואוינער פון
ירושלים פון זייערע קברים:
2 אונד זייא וועלען זייא אויסשפּרייטען
פאַר דיא זון אונד פאַר דיא לבנה
אונד פאַר אַלע הערשאַפטען פון דעם
הימעל, וואָס זייא האָבען געליבט,
אונד וואָס זייא האָבען געדינט, אונד
וואָס זייא זענען נאָכגעגאַנגען, אונד
נאָך וועלכע זייא האָבען געפאָרשט,
אונד פאַר וועלכע זייא האָבען זיך
געבוקט, זייא וועלען מעהר ניט פער־
זאַמעלט ווערען אונד ניט בעגראָבען
ווערען, זייא וועלען זיין אַלס מיסט
אויף דער ערד:
3 אונד דער טויט וועט אויסגעוועהלט
זיין מעהר וויא דאָס לעבען, ביי
דער גאַנצען איבערבלייבונג פון דיא
איבערגעבליבענע, פון דיא דאזיגע
שלעכטע משפּחה, אין אַלע ערטער
פון דיא איבערגעבליבענע וואו אַהין
איך האָב זייא פערשטויסען, זאָגט
דער האר צבאות:
4 אונד דוא זאָלסט צו זייא זאָגען,
אזוי זאָגט דער האר, וועלען זייא דען
פאַלען, אונד וועלען זיך ניט ווידער
אויפשטעלען? אָדער ווען ער קעהרט זיך
אַוועק, זאָל ער זיך ען ניט
צוריקקעהרען?
5 וואַרום מאַכט זיך דאָס דאזיגע
פאָלק (אונד) ירושלים אָפּגעקעהרט
מיט איינע שטענדיגע אָפּקעהרונג?
זייא האַלטען דעם בעטרוג (פאַלשקייט)
אונד ווילען ניט צוריקקעהרען:
6 איך האָב פערנומען אונד איך האָב
געהערט דאָס זייא רעדען ניט רעכט,
עס איז ניט דאָ איין מענש
וואָס האָט חרטה וועגען זיינע
שלעכטיגקייט, דאָס ער זאָל זאָגען,
וואָס האָב איך געטהון? זייא האָבען
אַלע אָפּגעקעהרט, אונד זייא לויפען
וויא איין ווילד הינרייסענדעס פערד
אין דער מלחמה:
7 אויך דיא חסידה (שטאָרך) אין
דעם הימעל (אין דער לופט) ווייסט
איהרע בעשטימטע צייטען, אונד דיא
טורטיל־טויב אונד דיא שוואַלב אונד
דער קראַניך וואַרטען אָפּ דיא צייט
פון זייער קומען, אָבער מיין פאָלק
ווייסט ניט דאָס משפּט פון דעם האר:

8 ווִיא אַזוֹי זָאגְט אִיהְר, מִיר זֶענֶען
קְלוּג, אוּנְד דִיא תּוֹרָה פוּן דֶעם הַאר
אִיז בֵּייא אוּנְס, פַארְוָואהְר, זֶעה, צוּ
פַאלְשְׁקֵייט הָאט עֶס דִיא פַאלְשֶׁע
פֶּעדֶער פוּן דֶעם שְׁרֵייבֶּער גֶעמַאכְט׃
9 עֶס זֶענֶען פֶערְשֶׁעמְט גֶעוָוארֶען
דִיא קְלוּגֶע, זֵייא זֶענֶען דֶערשְׁרָאקֶען
אוּנְד בֶּעצְווְאוּנְגֶען גֶעוָוארֶען, זֶעה, ווֵייל
זֵייא הָאבֶּען פֶערְהַאסְט דָאס וָוארְט פוּן
דֶעם הַאר, אוּנְד וָואס פַאר אֵיין קְלוּג־
שַׁאפְט אִיז בֵּייא זֵייא ?
10 דַארוּם וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען זֵייעֶרֶע
ווֵייבֶּער צוּ אַנְדֶערֶע, זֵייעֶרֶע פֶעלְדֶער צוּ
יוֹרְשִׁים, וָוארִין פוּן דֶעם קְלֶענְסְטֶען
בִּיז צוּ דֶעם גְרֶעסְטֶען גֵייעֶן זֵייא אִים
נַאנְצֶען נָאךְ גֶעווִין (גֶעלְד), פוּן דֶעם
נָבִיא בִּיז צוּ דֶעם כֹּהֵן טְהוּעֶן זֵייא
אַלֶע פַאלְשׁ׃
11 אוּנְד זֵייא ווִילֶען הֵיילֶען דֶעם
בְּרָאךְ פוּן דִיא טָאכְטֶער פוּן מֵיין פָאלְק
מִיט אֵיין גְרִינְגֶע זַאךְ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
שָׁלוֹם, שָׁלוֹם, אָבֶּער עֶס אִיז נִיט דָא
קֵיין שָׁלוֹם (פְרִיד)׃
12 זֵייא זֶענֶען פֶערְשֶׁעמְט גֶעוָוארֶען,
וָוארִין זֵייא הָאבֶּען אוּמְווִירְדִיגְקֵייט
גֶעטְהוּן, זֵייא שֶׁעמֶען זִיךְ דָאךְ נִיט,
אוּנְד ווִילֶען נִיט ווִיסֶען פוּן שַׁאנְד,
דַארוּם וֶועלֶען זֵייא פַאלֶען אוּנְטֶער
דִיא גֶעפַאלֶענֶע, אִין דֶער צֵייט פוּן
זֵייעֶר שְׁטְרָאף וֶועלֶען זֵייא גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט
וֶוערֶען, זָאגְט דֶער הַאר׃
13 אִיךְ וֶועל זֵייא גֶעווִיס אָפְּטְהוּן
(אָפְּשַׁאפֶען), זָאגְט דֶער הַאר, עֶס אִיז
נִיט דָא קֵיין ווֵיינְטְרוֹיבֶּען אִין דֶעם
ווֵיינְשְׁטָאק, אוּנְד קֵיין פֵייגֶען אִין דֶעם
פֵייגֶענְבּוֹים, אוּנְד דִיא בְּלֶעטֶער זֶענֶען
פֶערְוֶועלְקְט, אַזוֹי וֶועל אִיךְ צוּ זֵייא
גֶעבֶּען (זָאלְכֶע) וָואס וֶועלֶען זֵייא
אַוֶועקְפִיהְרֶען׃
14 וֶועגֶען וָואס בְּלֵייבֶּען מִיר זִיצֶען ?
פֶערְזַאמֶעלְט אֵייךְ דָאס מִיר זָאלֶען
אַרֵיינְקוּמֶען אִין דִיא פֶעסְטֶע שְׁטֶעט,
אוּנְד מִיר וֶועלֶען דָארְט פֶערשְׁנִיטֶען
(שְׁטִיל) וֶוערֶען, וָוארִין דֶער הַאר, אוּנְזֶער
גָאט הָאט אוּנְס גֶעלָאזְט פֶערשְׁנִיטֶען
וֶוערֶען, אוּנְד עֶר הָאט אוּנְס אָנְגֶע־
טְרִינְקֶען מִיט גַאל־וַואסֶער, וָוארִין מִיר
הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען דֶעם הַאר׃
15 מֶען הָאט גֶעהָאפְּט אוֹיף שָׁלוֹם,
אָבֶּער עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין גוּטֶעס,—
אוֹיף אַ צֵייט פוּן הֵיילוּנְג, אוּנְד זֶעה,
עֶס אִיז שְׁרֶעקֶען׃
16 פוּן דָן וֶוערְט גֶעהֶערְט דָאס
שְׁנוֹיבֶּען פוּן זֵיינֶע פֶערְד, פוּן דֶעם
גֶעשְׁרֵייא פוּן דֶער בְּרוּמוּנְג פוּן זֵיינֶע
שְׁטַארְקֶע (פֶערְד) צִיטֶערְט דִיא גַאנְצֶע
עֶרְד, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען קוּמֶען אוּנְד
זֵייא וֶועלֶען פְרֶעסֶען דָאס גַאנְצֶע לַאנְד,
אוּנְד אִיהְר פוּלְקֵייט, דִיא שְׁטָאט אוּנְד
אִיהְרֶע אֵיינְוואוֹינֶער׃
17 וָוארִין זֶעה, אִיךְ שִׁיק אָן אוֹיף
אֵייךְ שְׁלַאנְגֶען, (בַּאזִילִיסְקֶען) וֶועלְכֶע
הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע בֶּעשְׁוֶוערוּנְג, אוּנְד
זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ בֵּייסֶען, זָאגְט דֶער
הַאר׃
18 אִיךְ שְׁטַארְק מִיךְ אִיבֶּער דֶעם
טְרוֹיעֶר, אָבֶּער מֵיין הַארְץ טְהוּט מִיר
ווֵייא!
19 זֶעה, מֶען הֶערְט דָאס קוֹל פוּן
דֶעם גֶעשְׁרֵייא פוּן דִיא טָאכְטֶער פוּן
מֵיין פָאלְק אוֹיס דֶעם ווֵייטֶען לַאנְד,
אִיז דֶען נִיט דָא דֶער הַאר אִין צִיוֹן
אָדֶער אִיז אִיהְר קֶענִיג נִיט דָא
דַארִין ? וַוארוּם הָאבֶּען זֵייא מִיךְ

פֶערְצָארְנְט מִיט זֵייעֶרֶע גֶעצֶענְבִּילְדֶער,
דוּרְךְ דִיא נַארִישְׁקֵייטֶען (הֶבֶל) פוּן דִיא
פְרֶעמְדֶע ?
20 עֶס אִיז פַארְאִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען דִיא
שְׁנִיט־צֵייט דֶער זוּמֶער הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט, אָבֶּער מִיר זֶענֶען נִיט גֶע־
הָאלְפֶען גֶעוָוארֶען :
21 וֶועגֶען דֶעם בְּרָאךְ פוּן דִיא
טָאכְטֶער פוּן מֵיין פָאלְק בִּין אִיךְ
צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען, אִיךְ בִּין פֶערְ־
שְׁוַוארְצְט, אַ פֶערְוְואוּנְדֶערוּנְג הָאט מִיךְ
אָנְגֶעהַאפְּט :
22 אִיז דֶען קֵיין בַּאלְזַאם נִיט דָא
אִין גִלְעָד ? אָדֶער אִיז קֵיין רוֹפֵא
(דָאקְטָאר) דָארְטֶען נִיט דָא ? וַוארוּם
דֶען אִיז נִיט אַרוֹפְגֶעבְּרַאכְט קֵיין
הַיילוּנְג צוּ דֶער טָאכְטֶער פוּן מֵיין
פָאלְק ?
23 אוֹי וֶוער וָואלְט גֶעבֶּען דָאס מֵיין
קָאפּ זָאל זֵיין (פוּל) מִיט וַואסֶער, אוּנְד
מֵיינֶע אוֹיגֶען אֵיין קְוַואל פוּן טְרֶערֶען,
אַזוֹי וָואלְט אִיךְ גֶעוֵויינְט טָאג אוּנְד
נַאכְט, אִיבֶּער דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע פוּן
דִיא טָאכְטֶער פוּן מֵיין פָאלְק :

קאפּיטעל ט

1 אוֹי, וֶוער וָואלְט מִיר גֶעבֶּען אִין
דֶער מִדְבָּר אֵיין נַאכְטלַאגֶער פוּן
וַואנְדֶערֶער ! אַזוֹי וָואלְט אִיךְ מֵיין
פָאלְק פֶערְלָאזְט, אוּנְד וָואלְט פוּן
זֵייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען
אַלֶע הוּרֶער (זְנוּת טְרֵייבֶּער) אֵיין
פֶערְזַאמְלוּנְג (בַּאנְדֶע) פוּן אוּנְטְרֵייעֶ :
2 אוּנְד זֵייא טְרֶעטֶען (שְׁפַּאנֶען) אוֹיס
זֵייעֶר צוּנְג וִויא זֵייעֶר בּוֹיגֶען פוּן
פַאלְשְׁקֵייט, אוּנְד צוּ טְרֵייהֵייט זֶענֶען
זֵייא נִיט מֶעכְטִיג אִין דֶעם לַאנְד,
גֵייעֶנְט פוּן שְׁלֶעכְטֶעס צוּ שְׁלֶעכְטֶעס
גֵייעֶן זֵייא אַרוֹיס, אוּנְד מִיךְ קֶענֶען
זֵייא נִיט, זָאגְט דֶער הַאר :
3 יֶעדֶערֶער פוּן זֵיין פְרֵיינְד זָאלְט
אִיהְר אֵייךְ הִיטֶען, אוּנְד אוֹיף קֵיין
בְּרוּדֶער זָאלְט אִיהְר אֵייךְ נִיט פֶערְ־
טְרוֹיעֶן ; וָוארִין יֶעדֶער בְּרוּדֶער אִיז
פַאלְשׁ (לִיסְטִיג) אוּנְד יֶעדֶער פְרֵיינְד
פִיהְרְט רְכִילוּת :
4 אוּנְד יֶעדֶערֶער הַאנְדֶעלְט פַאלְשׁ
מִיט זֵיין פְרֵיינְד, אוּנְד קֵיין אֱמֶת רֶעדֶען
זֵייא נִיט ! זֵייא לֶערְנֶען זֵייעֶר צוּנְג
פַאלְשׁ צוּ רֶעדֶען, זֵייא מִיהֶען זִיךְ אוּנְ־
רֶעכְט צוּ טְהוּן :
5 דוּא וְואוֹינְסְט אִין דֶער מִיטֶען פוּן
פַאלְשְׁקֵייט, (בֶּעטְרוּג), וֶוענֶען בֶּעטְרוּג
ווִילֶען זֵייא מִיךְ נִיט קֶענֶען, זָאגְט דֶער
הַאר :
6 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
זֶעה, אִיךְ לֵייטֶער זֵייא אוּנְד אִיךְ פְּרוּב
זֵייא, וָוארִין וִויא אַזוֹי דֶען זָאל אִיךְ
טְהוּן וֶוענֶען דֶער טָאכְטֶער פוּן מֵיין
פָאלְק ?
7 אֵיין שַׁארְפֶער פֵייל אִיז זֵייעֶר צוּנְג,
עֶר רֶעט פַאלְשְׁקֵייט, מִיט זֵיין מוֹיל
רֶעט עֶר מִיט זֵיין פְרֵיינְד פְרִידְלִיךְ
(שָׁלוֹם) אָבֶּער בֵּייא אִיהְם אִינְוֶוענְדִיג
מַאכְט עֶר אֵיין לוֹיעֶרוּנְג פַאר אִיהְם :
8 זָאל אִיךְ זֵייא וֶוענֶען דָאס דָאזִיגֶע
נִיט שְׁטְרָאפֶען ? זָאגְט דֶער הַאר, אָדֶער
זָאל אוֹיף אַזוֹי אֵיין פָאלְק וִויא דָאס
דָאזִיגֶע מֵיינֶע זֶעעֶלֶע נִיט רַאכֶע (נְקָמָה)
נֶעמֶען !
9 אוֹיף דִיא בֶּערְג וֶועל אִיךְ אוֹיפְ־
הֵייבֶּען אֵיין גֶעוֵויין אוּנְד אֵיין קְלָאג,
אוּנְד אוֹיף דִיא וֵוייִדֶע פְלֶעצֶער (דִיא
פִיטֶערוּנְגְס עֶרְטֶער) אֵיין טְרוֹיעֶרִיג לִיד,
ווֵייל זֵייא זֶענֶען צוּשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען,

דאָס קיין מענטש קען ניט דורכגיין,
אונד מען הערט ניט קיין קול פון
פיה (בהמות), פון דיא פייגעל פון
דעם הימעל ביז צו דיא בהמות זענען
זייא פערוואָגעלט געוואָרען, אונד זייא
זענען אַוועקגעגאַנגען:
10 אונד איך וועל ירושלים געבען
צו אַ שטיין־הויפען, צו אַ וואוינונג
פון שאַקאַלען, אונד דיא שטעט פון
יהודה וועל איך מאַכען צו וויסט אָהן
איינוואוינער:
11 ווער איז דער מאַן וואָס איז קלוג?
אונד וויל דאָס דאָזיגע פערשטיין,
אונד וועלכער איז דער וואָס דאָס
מויל פון דעם האַר האָט צו איהם
גערעט, אונד ער זאָל עס זאָגען, פאַר
וואָס איז דאָס לאַנד פערלוירען גע־
וואָרען? צושטערט וויא דיא מדבר,
אָהן דורכפאָהרער:
12 אונד דער האַר האָט געזאָגט,
ווייל זייא האָבען פערלאָזען מיינע
תורה, וואָס איך האָב פאַר זייא גע־
געבען, אונד זייא האָבען ניט געהערט
צו מיין קול, אונד זייא זענען אין
איהר ניט געגאַנגען:
13 אונד זייא זענען געגאַנגען נאָך
דעם טראַכטען פון זייערע הערצער,
אונד נאָך דיא בעלים וואָס זייערע
עלטערן האָבען זייא געלערנט:
14 דאַרום אַזוי זאָגט דער האַר
צבאות, דער גאָט פון ישראל, זעה,
איך וועל דאָס דאָזיגע פאָלק מאַכען
עסען ווערמוטה (ביטערע קרייטעכער),
אונד איך וועל זייא מאַכען אַנטרינקען
מיט גיפט־וואַסער:
15 אונד איך וועל זייא פערשפּרייטען
אונטער דיא פעלקער, וואָס ניט זייא
אונד ניט זייערע עלטערן האָבען זייא
געקענט, אונד איך וועל נאָך זייא
שיקען דאָס שווערד ביז איך וועל זייא
פערלענדען:
16 אַזוי זאָגט דער האַר צבאות,
בעמערקט אונד רופט דיא קלאָגערינס
דאָס זייא זאָלען קומען, אונד שיקט
צו דיא קלוגע ווייבער דאָס זייא זאָלען
קומען:
17 דאָס זייא זאָלען זיך איילען, אונד
זאָלען דערהייבען איבער אונס איין
קלאָג־ליד, כדי טרערען זאָלען רינען
פון אונזערע אויגען, אונד אונזערע
אויגען־ברעמען זאָלען רינען מיט
וואַסער:
18 וואָרין איין קול פון קלאָגען ווערט
געהערט פון ציון, וויא אַזוי זענען מיר
צושטערט געוואָרען, מיר זענען זעהר
פערשעמט געוואָרען, ווייל מיר האָבען
געמוסט דאָס לאַנד פערלאָזען, ווייל
זייא האָבען אַנידערגעוואָרפען אונזערע
וואוינונגען:
19 הערט איהר ווייבער דאָס וואָרט
פון דעם האַר, אונד אייערע אויערען
זאָלען אויפנעמען דאָס וואָרט פון זיין
מויל, אונד לערענט אייערע טעכטער
איין קלאָג־ליד, אונד איינע דיא אַנ־
דערע (לערענט) איין טרויער־ליד:
20 וואָרין דער טויט איז אַרויפגע־
גאַנגען אין אונזערע פענסטער אַריין,
ער איז געקומען אין אונזערע פּאַלאַצען
אַריין, צו פערשניידען דאָס קליינע
קינד פון דער גאַס, דיא יונגע לייט
פון דיא שטראַסען:
21 רעד, אַזוי זאָגט דער האַר, עס
וועלען פאַלען דיא טויטע קערפּער
פון דיא מענשען אַזוי וויא מיסט אויף

דעם פֿעלד, אונד אַזוי וויא איין גאַרבּ
(בּינדעל) הינטער דעם שניידער, אונד
קיינער פֿערזאַמעלט עס ניט :
22 אַזוי זאָגט דער האר, דער קלוגער
זאָל זיך ניט ריהמען מיט זיין חכמה
(קלוגהייט) אונד דער שטאַרקער זאָל
זיך ניט ריהמען מיט זיין גבורה, אונד
דער רייכער זאָל זיך ניט ריהמען מיט
זיין רייכקייט :
23 נייערט דערמיט זאָל זיך ריהמען,
דער וואָס וויל זיך ריהמען קלוג צו
זיין, אונד מיך אַנצוערקענען דאַס
איך בּין דער האר, וואָס טהוט גנאַדע
(חסד) רעכט אונד גערעכטיגקייט אויף
דער ערד, וואָרין דאַס דאָזיגע איז מיין
בּעגעהר, זאָגט דער האר :
24 זעה, עס וועלען קומען טעג,
זאָגט דער האר, דאַס איך וועל בּעֿ
שטראָפֿען אַלע בּעשניטענע מיט דיא
אונבּעשניטענע :
25 צוזאַמען מיט מצרים, מיט יהודה,
מיט אדום, מיט דיא קינדער פֿון עמון
אונד מואב, אונד מיט אַלע דיא וואָס
האָבען אָפּגעשניטענע פּאות (האָרֿ
עקען), וואָס וואוינען אין דער מדבּר,
וואָרין אַלע פֿעלקער זענען אונֿ
בּעשניטען, אונד דאַס גאַנצע הויז פֿון
ישראל זענען אונבּעשניטענע הערצער :

קאַפּיטעל י

1 הערט דאַס וואָרט, וואָס דער האר
האָט גערעדט צו אייך, איהר ־־יז
ישראל :
2 אַזוי זאָגט דער האר, נאָך דעם
וועג פֿון דיא גוים זאָלט איהר זיך ניט
לערנען, אונד פֿאַר דיא צייכען פֿון
דעם הימעל זאָלט איהר אייך ניט
שרעקען, וואָרין דיא גוים שרעקען זיך
פֿאַר זייא :
3 וואָרין דיא געזעצען פֿון דיא
פֿעלקער איז נאַרישקייט, וואָרין דער
(געץ) איז איין בּוים וואָס מען האַקט
איהם אויס פֿון אַ וואַלד, ער איז דאַס
ווערק פֿון דיא הענד פֿון דעם מייסֿ
טער (קינסטלער) :
4 מיט זילבּער אונד מיט גאָלד
מאַכט מען איהם שיין, מיט נעגעל
אונד מיט האַמערס מאַכט מען איהם
פֿעסט, דאַס ער זאָל ניט אויס איינֿ
נאַנדער פֿאַלען :
5 וויא איין אויסגעטאָקטער (געֿ
דרעקסעלטער) זייל, (אָדער וויא איין
זייל אין איין גורקען גאָרטען) זענען
זייא, אונד זייא קענען ניט רעדען,
מען מוז זייא טראָגען ווייל זייא קענען
ניט קיין טריט גיין, איהר זאָלט זיך
פֿאַר זייא ניט פֿאַרכטען ווייל זייא
קענען קיין שלעכטעס ניט טהון, אָבּער
אויך גוטעס צו טהון איז ניט דאַ אין
זייער מאַכט :
6 עס איז ניט דוא קיינער וויא דוא,
האר ! דוא בּיסט גרויס, אונד גרויס
איז דיין נאָמען דורך שטאַרקייט :
7 ווער זאָל זיך ניט פֿאַרכטען פֿאַר
דיר, דוא קעניג פֿון דיא פֿעלקער ?
וואָרין דיר קומט עס, וואָרין אונטער
אַלע קלוגע פֿון דיא פֿעלקער, אונד
אין אַלע זייערע קעניגרייכען, איז קיינער
ניט גלייך וויא דוא :
8 אָבּער אין איינעם זענען זייא דום
אונד נאַריש, וואָרין דיא לעהרע פֿון
דיא נאַרישקייטען איז ווענען האָלץ :
9 אויסגעשפּרייטעס זילבּער ווערט פֿון
תּרשיש געבּראַכט, אונד גאָלד פֿון
אופֿז (אופֿיר) דאַס ווערק פֿון איין

מייסטער (קינסטלער), אונד פון דיא
הענד פון איין גאָלד־שמיד, בלויע
װאָל אונד פורפור איז זייער קלייד,
דאס װערק פון קלוגע זענען זייא
אַלע:
10 אָבער דער הער, איז דער אמת'ר
גאָט, ער איז דער לעבעדיגער גאָט,
אונד דער אייביגער קעניג, פאַר זיין
צאָרן ציטערט דיא ערד, אונד דיא
פעלקער קענען ניט בעשטיין קעגען
זיין גרימצאָרן:
11 אזוי זאָלט איהר צו זייא זאָגען,
דיא געטער, װאָס האָבען ניט געמאַכט
דעם הימעל אונד דיא ערד, זייא
װעלען פערטילגט װערען פון דער
ערד אונד פון אונטער דעם דאָזיגען
הימעל:
12 ער האָט דיא ערד געמאַכט מיט
זיינע קראַפט, ער האָט דיא ערד בע־
פעסטיגט דורך זיינע קלוגהייט, אונד
דורך זיין פערשטאַנד האָט ער אויס־
געשפּרייט דעם הימעל:
13 אין זיין אַרויסגעבען דעם קול
(פון דונער), איז איין גערויש פון
װאַסער אין דעם הימעל, אונד ער
ברענגט אַרויף דיא װאָלקענס פון דעם
ענדע פון דער ערד, ער האָט געמאַכט
בליצען צו דעם רעגען, אונד ברענגט
אַרויס דעם װינד פון זיינע אוצרות:
14 יעדער מענש איז פערנאַרישט
געװאָרען פון װיסענשאַפט (ערקענונג)
יעדער גאָלד־שמיד איז פערשעמט
געװאָרען פון געשניצטען בילד, װאָרין
פאַלשקייט איז זיין געגאָסענעס (בילד),
אונד עס איז אין זייא היין גייסט
ניט דאַ:
15 זייא זענען נאַרישקייט, איין װערק
פון פערפיהרונגען, אין דער צייט פון
זייער שטראָף װעלען זייא פערלוירען
װערען:
16 אָבער דער טהייל פון יעקב איז
ניט װיא דיא דאָזיגע, װאָרין ער איז
דער בעשעפער פון אַלעם, אונד ישׂראל
איז דער שטאַם (שבט) פון זיין ערב־
טהייל, דער הער צבאות איז זיין
נאָמען:
17 פערזאַמעל פון דעם לאַנד דיין
בינדעל, דוא בעװאוינער פון דער
פעסטונג:
18 װאָרין אזוי זאָגט דער הער, זעה,
איך װעל אַװעקשליידערן דיא איינ־
װאוינער פון דעם לאַנד אין דעם
דאָזיגען מאָל, אונד איך װעל זייא ענג
מאַכען, כדי זייא זאָלען געפונען
װערען:
19 אוי װייא איז מיר, װעגען מיין
בראָך (אונגליק), מיינע װאונדען זענען
קרענקליך, אונד איך האָב געדאַכט,
דאָס עס איז נאָר איין קראַנקהייט,
אונד איך װעל דאָס איבערטראָגען:
20 מיין געצעלט איז בערויבט גע־
װאָרען, אונד אַלע מיינע שטריק זענען
צוריסען געװאָרען, מיינע קינדער זענען
פון מיר אַװעקגעגאַנגען, אונד זייא
זענען ניט דאַ, קיינער שפּרייט ניט
מעהר אויס מיין געצעלט,—אונד שטעלט
ניט אויף מיינע פאָרהאַנגען:
21 װאָרין דיא פאַסטוכער (הירטען)
זענען נאַריש געװאָרען, אונד נאָך דעם
הער פאָרשען זייא ניט, דאַרום האָבען
זייא ניט בעגליקט, אונד זייערע גאַנצע
הערדע (שטאַדע) איז צושפּרייט:
22 איין קול װערט געהערט, זעה,
עס קומט, אונד איין גרויסער רעש

פון צָפוֹן־לַאנְד, כְּדֵי דִיא שְׁטֶעט פון
יְהוּדָה ווִיסְט צוּ מַאכֶען, אֵיינֶע ווְאוינוּנְג
פַאר דִיא שָׁאקַאלֶען :
23 אִיךְ ווֵייס ווְאוֹיל הַאר, דָאס צוּ
דָעם מֶענְשׁ גֶעהֶערְט נִיט זֵיין ווֶעג,
אוּנְד נִיט צוּ דֶעם מַאן ווָאס גֵייט
אַרוּם דָאס עֶר זָאל פֶעסְט מַאכֶען זֵיינֶע
טְרִיט :
24 שְׁטְרָאף מִיךְ אָ הַאר, אָבֶּער נָאר
מִיט מִשְׁפָּט (רֶעכְט) נִיט מִיט דֵיין
צָארְן דָאס דוּא זָאלְסְט מִיךְ נִיט ווִינְצִיג
מַאכֶען :
25 גִיס אוֹיס דֵיין צָארְן אוֹיף דִיא
גוֹיִם ווָאס זֵייא ווִילֶען דִיךְ נִיט קֶענֶען,
אוּנְד אוֹיף דִיא מִשְׁפָּחוֹת ווָאס זֵייא
רוּפֶען נִיט אָן דֵיין נָאמֶען, ווֵייל זֵייא
הָאבֶּען יַעֲקֹב'ן אוֹיפְגֶעגֶעסֶען, זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם פֶערְצֶעהְרְט אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם פֶערְלֶענְט, אוּנְד זֵיין
ווֵיידֶע פְּלַאץ הָאבֶּען זֵייא פֶערְווִיסְט :

## קאפיטעל יא

1 דָאס אִיז דָאס ווָארְט ווָאס אִיז
גֶעווֶעזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ פוּן דֶעם הַאר,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
2 הֶערְט דִיא ווֶערְטֶער פוּן דֶעם
דָאזִיגֶען בְּרִית (בּוּנְד) אוּנְד אִיהְר זָאלְט
רֶעדֶען צוּ דִיא מֶענֶער פוּן יְהוּדָה אוּנְד
צוּ דִיא אֵיינְווְאוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם :
3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל, פֶערפְלוּכְט אִיז דֶער מֶענְשׁ
ווָאס ווֶעט נִיט הֶערֶען דִיא ווֶערְטֶער
פוּן דֶעם דָאזִיגֶען בְּרִית :
4 ווָאס אִיךְ הָאבּ גֶעבָּאטֶען אֵיירֶע
עֶלְטֶערְן אִין דֶעם טָאג, ווֶען אִיךְ הָאבּ
זֵייא אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט פוּן דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם, פוּן דֶעם אֵייזֶערְנֶעם טִיגֶעל,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, הֶערְט צוּ מֵיין קוֹל,
אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא טְהוּן, נָאךְ
אַלֶעם ווָאס אִיךְ בֶּעפֶעהְל אֵייךְ, אַזוֹי
ווֶעט אִיהְר זֵיין מֵיין פָאלְק אוּנְד אִיךְ
ווֶעל זֵיין אֵייעֶר גָאט :
5 כְּדֵי צוּ בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען דִיא שְׁבוּעָה,
ווָאס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁווָארֶען צוּ אֵיירֶע
עֶלְטֶערְן זֵייא צוּ גֶעבֶּען אֵיין לַאנְד
ווָאס פְלִיסְט מִיט מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג,
אַזוֹי ווִיא עֶס אִיז אִין דֶעם דָאזִיגֶען
טָאג, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, אָמֵן אָ הַאר
6 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר גֶע־
זָאגְט, רוּף אוֹיס אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע
ווֶערְטֶער אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה,
אוּנְד אִין דִיא גַאסֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, הֶערְט צוּ דִיא ווֶערְטֶער
פוּן דֶעם דָאזִיגֶען בְּרִית, אוּנְד אִיהְר
זָאלְט זֵייא טְהוּן :
7 ווָארִין אִיךְ הָאבּ שְׁטַארְק גֶעווָארֶענְט
אֵיירֶע עֶלְטֶערְן אִין דֶעם טָאג, ווֶען
אִיךְ הָאבּ זֵייא אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט פוּן דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם בִּיז אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען
טָאג, אִיךְ הָאבּ יֶעדֶען פְרִיהמָארְגֶען
גֶעווָארֶענְט (בֶּעצֵייגְט), אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
הֶערְט צוּ מֵיין קוֹל :
8 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶענֵייגְט זֵייעֶר
אוֹיעֶר, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען
יֶעדֶערֶער נָאךְ דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן
זֵייעֶר שְׁלֶעכְטֶעם הַארְץ, אוּנְד דַארוּם
ווֶעל אִיךְ בְּרֶענְגֶען אִיבֶּער זֵייא
אַלֶע ווֶערְטֶער פוּן דֶעם דָאזִיגֶען בְּרִית,
ווָאס אִיךְ הָאבּ בֶּעפוֹילֶען צוּ טְהוּן,
אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעטְהוּן :
9 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר גֶע־
זָאגְט, אֵיין פֶערְבִּינְדוּנְג (בֶּעשְׁווֶערוּנְג)

אִיז גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען צְוִוישֶׁען דִיא מֶענְשֶׁען פוּן יְהוּדָה,–אוּנְד דִיא אֵיינְוואוינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם:

10 זַייא הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ דִיא זִינְד פוּן זַייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, דִיא עֶרְשְׁטֶע, וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט צוּהֶערֶען מֵיינֶע וֶוערְטֶער, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען נָאךְ אַנְדֶערֶע גֶעטֶער כְּדֵי זַייא צוּ דִינֶען, דָאס הויזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד דָאס הויזְגֶעזִינְד פוּן יְהוּדָה הָאבֶּען צוּשְׁטֶערְט מֵיין בְּרִית, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט מִיט זַייעֶרֶע עֶלְטֶערְן:

11 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג אִיבֶּער זַייא שְׁלֶעכְטֶעס, וָואס זַייא וֶועלֶען נִיט קֶענֶען פוּן אִיהְר אַרויסְקוּמֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען צוּ מִיר שְׁרֵייעֶן, אָבֶּער אִיךְ וֶועל זַייא נִיט הֶערֶען:

12 אוּנְד עֶס וֶועלֶען גֵיין דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה אוּנְד דִיא אֵיינְוואוינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד וֶועלֶען שְׁרֵייעֶן צוּ דִיא גֶעטֶער, וָואס זַייא הָאבֶּען גֶערֵייכֶערְט צוּ זַייא, אָבֶּער זַייא וֶועלֶען זַייא נִיט קֶענֶען הֶעלְפֶען, אִין דֶער צֵייט פוּן זַייעֶר אוּמְגְלִיק:

13 וָוארִין וִויא דִיא צָאהְל פוּן דֵיינֶע שְׁטֶעט, אַזוֹי זֶענֶען דֵיינֶע גֶעטֶער, אָ יְהוּדָה, אוּנְד וִויא דִיא צָאהְל פוּן דִיא גַאסֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאט אִיהְר גֶעמַאכְט מִזְבְּחוֹת צוּ דֶער שַׁאנְד, מִזְבְּחוֹת צוּ רֵייכֶערְן צוּ דֶעם בַּעַל:

14 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט בֶּעטֶען פַאר דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט אויפְהֵייבֶּען פַאר זַייא אֵיין גֶעשְׁרֵייא אוּנְד גֶעבֶּעט, וָוארִין אִיךְ הֶער נִיט אִין דֶער צֵייט וֶוען זַייא רוּפֶען צוּ מִיר, וֶועגֶען זַייעֶר אוּמְגְלִיק!

15 וָואס וִויל מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע אִין מֵיין הויז? אִיז עֶס אויסְצוּפִיהְרֶען זַייעֶרֶע פִילֶע שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען? אוּנְד וֶוען דָאס הֵיילִיגֶע פְלֵיישׁ אִיז פוּן דִיר אַוֶועק (פֶערְשְׁוְואוּנְדֶען) וֵוייל דוּא בִּיסְט אַזוֹי שְׁלֶעכְט, דַאמָאלְס הָאסְט דוּא דִיךְ גֶעפְרֵייט:

16 גְרִינֶער (פְרִישֶׁער) אֵיילְבִּירְט בּוֹים, שֵׁיין מִיט שֵׁיינֶע פְרוּכְט, הָאט דֶער הַאר דֵיין נָאמֶען גֶערוּפֶען, אָבֶּער מִיט אֵיין קוֹל פוּן אֵיין גְרויסֶען גֶערוישׁ (פוּן דוּנֶער) הָאט עֶר אִיבֶּער אִיהְר אֵיין פֵייעֶר אָנְגֶעצִינְדֶען, אוּנְד זַיינֶע צְוַוייגֶען זֶענֶען צֶערבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען:

17 אוּנְד דֶער הַאר צְבָאוֹת וָואס הָאט דִיךְ גֶעפְלַאנְצְט, הָאט אִיבֶּער דִיר שְׁלֶעכְטֶעס גֶערֶעט, וֶועגֶען דִיא שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם הויז יִשְׂרָאֵל אוּנְד פוּן דֶעם הויז יְהוּדָה, וָואס זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעטְהוּן אוּם מִיךְ צוּ דֶערְצֶערְנֶען, מִיט דֶעם וָואס זַייא הָאבֶּען גֶערֵייכֶערְט צוּ דֶעם בַּעַל:

18 אוּנְד וֶוען דֶער הַאר הָאט עֶס מִיר גֶעלָאזְט וִויסֶען אַזוֹי הָאבּ אִיךְ עֶס גֶעוְואוּסְט, דַאמָאלְס הָאסְט דוּא מִיר גֶעוִויזֶען זַייעֶרֶע וֶוערְק:

19 אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען וִויא אֵיין שֶׁעפְּס (שָׁאף) אָדֶער וִויא אֵיין רִינְד וָואס וֶוערְט גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם שֶׁעכְטֶען; אוּנְד אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוְואוּסְט דָאס זַייא הָאבֶּען אויף מִיר גֶעטְרַאכְט אַזָאלְכֶע גֶעדַאנְקֶען, לָאזֶען מִיר צֶערְשְׁטֶערֶען דֶעם בּוֹים מִיט זַיינֶע פֵּרוֹת, אוּנְד לָאזֶען מִיר אִיהְם פֶערְטִילִיגֶען פוּן דֶעם לַאנְד פוּן לֶעבֶּען, אוּנְד זַיין נָאמֶען זָאל מֶעהְר נִיט דֶערְמַאנְט וֶוערֶען:

20 אָבֶּער אָ הַאר צְבָאוֹת וָואס מִשְׁפָּטסְט מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, וָואס פְּרִיפְט נִירֶען אוּנְד הַארְץ, אִיךְ וֶועל פוּן זֵייא זֵיין רַאכֶע (נְקָמָה) זֶעהֶען, וָוארִין צוּ דִיר הָאבּ אִיךְ אַנְטפְּלֶעקְט מֵיין קְרִיג:

21 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר אוֹיף דִיא מֶענְשֶׁען פוּן עֲנָתוֹת, וָואס בֶּעגֶעהְרֶען דֵיינֶע זֶעעלֶע, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט נְבִיאוּת זָאגֶען אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי וֶועסְט דוּא נִיט שְׁטַארְבֶּען דוּרְךְ אוּנְזֶערֶע הַאנְד:

22 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, זֶעה, אִיךְ וֶועל זֵייא הֵיימְזוּכֶען (בֶּעשְׁטְרָאפֶען), דִיא יוּנְגֶע לֵייט וֶועלֶען שְׁטַארְבֶּען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, זֵיירֶע זִיהְן אוּנְד זֵיירֶע טֶעכְטֶער, וֶועלֶען שְׁטַארְבֶּען דוּרְךְ הוּנְגֶער:

23 אוּנְד קֵיין אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג זָאל צוּ זֵייא נִיט זֵיין, וָוארִין אִיךְ וֶועל שְׁלֶעכְטֶעס בְּרֶענְגֶען אוֹיף דִיא לֵייט פוּן עֲנָתוֹת, זָאגַאר דִיא צֵייט פוּן זֵייעֶר שְׁטְרָאף:

קאפיטעל יב

1 גֶערֶעכְט בִּיזְט דוּא, אָ הַאר, וֶוען אִיךְ וֶועל מִיט דִיר קְרִיגֶען, אַ (וִיכּוּחַ הָאבֶּען), אָבֶּער מִשְׁפָּטִים וֶועל אִיךְ מִיט דִיר רֶעדֶען, וַוארוּם בֶּעגְלִיקְט דֶער וֶועג פוּן דִיא רְשָׁעִים? זֵייא זֶענֶען רוּהִיג דִיא אַלֶע וָואס זֶענֶען אוּנְטְרֵייא (פַאלְשׁ)?

2 דוּא הָאסְט זֵייא גֶעפְּלַאנְצְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אוֹיךְ אֵיינְגֶעוָוארְצֶעלְט, זֵייא גֵייעֶן, אוּנְד זֵייא בְּרֶענְגֶען אוֹיךְ פְּרוּכְט אַרוֹיס, דוּא בִּיסְט נָאהֶענְט אִין זֵייעֶר מוֹיל, אָבֶּער וַוייט פוּן זֵייעֶרֶע נִירֶען (גֶעדַאנְקֶען):

3 אָבֶּער דוּא אָ הַאר, דוּא קֶענְסְט מִיךְ, הָאסְט מִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד גֶעפְּרוּבְט מֵיין הַארְץ, וִויא עֶס אִיז מִיט דִיר! רֵייס זֵייא אוֹיס, גְלֵייךְ וִויא שָׁאף צוּ דֶעם שְׁלַאכְטֶען, אוּנְד בְּרֵייט זֵייא אָן צוּ דֶעם טָאג פוּן טֵייטוּנְג:

4 בִּיז וַואנֶען זָאל דָאס לַאנְד טְרוֹיעֶרְן, אוּנְד דָאס גְרָאז פוּן דֶעם גַאנְצֶען פֶעלְד פֶערְטְרִיקֶענֶען? פוּן וֶועגֶען דֶעם שְׁלֶעכְטֶען פוּן דִיא וָואס וְואוֹינֶען אִין אִיהְר, עֶס זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען דִיא בְּהֵמוֹת אוּנְד דִיא עוֹפוֹת, וֵוייל זֵייא זָאגֶען עֶר וֶועט נִיט זֶעהֶען אוּנְזֶער לֶעצְטֶעס עֶנְד:

5 וֶוען דוּא בִּיסְט מִיט פוּס־גֶעהֶער גֶעלָאפֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דִיךְ מִיד גֶעמַאכְט, וִויא אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דִיךְ עֶרְהִיצֶען (צוּ לוֹיפֶען) וֶוען זֵייא זֶענֶען מִיט פֶערְד? אוּנְד וֶוען דוּא בִּיסְט אִין אֵיין לַאנְד פוּן פְרִידֶען זִיכֶער, אָבֶּער וִויא אַזוֹי וֶועסְט דוּא טְהוּן אִין דֶעם אִיבֶּערפְלוּס פוּן דֶעם יַרְדֵן?

6 וָוארִין אוֹיךְ דֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד דָאס הוֹיז פוּן דֵיין פָאטֶער זֶענֶען דִיר אוּנְטְרֵייא גֶעוָוארֶען זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ נָאךְ דִיר מִיט דֶעם פִילֶען (הַאלְז) גֶערוּפֶען, גְלֵייבּ זֵייא נִיט וֶוען זֵייא אוֹיךְ רֶעדֶען מִיט דִיר גוּטֶעס:

7 אִיךְ הָאבּ פֶערְלָאזְט מֵיין הוֹיז, אִיךְ הָאבּ פֶערְלָאזְט מֵיין נַחֲלָה (עֶרְבְּטְהֵייל), אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען דִיא גֶעלִיבְּטֶע פוּן מֵיינֶע זֶעעלֶע אִין דִיא הַאנְד פוּן אִיהְרֶע פֵיינְד:

8 מִיר אִיז מֵיין עֶרְבְּטְהֵייל גֶעוָוארֶען גְלֵייךְ וִויא אֵיין לֵייבּ אִין וַואלְד, זִיא הָאט אוֹיף מִיר גֶעגֶעבֶּען (גֶעשְׁרִיגֶען) מִיט אִיהְר קוֹל, דַארוּם הָאבּ אִיךְ זִיא פֵיינְד גֶעקְרִיגֶען:


איז

9 אִיז אֵיין גֶעפַּארְבְּטֶער פוֹיגֶעל אֵיין עֶרְבְּטְהֵייל צוּ מִיר? אִיז דֶען אֵיין רוֹיבּ־פוֹיגֶעל אַרוּם אִיהְר? גֵייט, פֶערְזַאמֶעלְט אַלֶע חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד, בְּרֶענְגְט זֵייא כְּדֵי אִיהְר אוֹיפְצוּפְרֶעסֶען:

10 פִּיל הִירְטֶען (פַּאסְטוּכֶער) הָאבֶּען פֶערְדָארְבֶּען מֵיין ווַיינְגָארְטֶען, זֵייא הָאבֶּען צוּטְרֶעטֶען מֵיין טְהֵייל (פֶעלְד), זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען מֵיין גְלִיסְטִיגֶען טְהֵייל, צוּ אֵיינֶע ווִיסְטֶע מִדְבָּר:

11 זֵייא הָאבֶּען עֶס ווִיסְט גֶעמַאכְט, עֶס טְרוֹיעֶרְט אִיבֶּער מִיר ווִיא אֵיינֶע ווִיסְטֶע, פֶערְווִיסְט אִיז דָאס גַאנְצֶע לַאנְד גֶעוָוארֶען, אָבֶּער עֶס אִיז נִיט דָא אֵיין מֶענְשׁ וָואס הָאט עֶס צוּ דֶעם הַארְץ גֶעטְהוּן:

12 אוֹיף אַלֶע הוֹיכֶע עֶרְטֶער אִין דֶער מִדְבָּר זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּשְׁטֶערֶער, וָוארִין עֶס אִיז אֵיין שְׁוֶוערְד צוּ דֶעם הַאר, עֶס פֶערְצֶעהְרְט פוּן אֵיין עֶק לַאנְד בִּיז צוּ דֶעם אַנְדֶערְן עֶק לַאנְד, עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין פְרִידֶען צוּ אַלֶע לֵייבֶּער (פְלֵיישׁ):

13 זֵייא הָאבֶּען גֶעזֵייעֶט ווֵייץ, אָבֶּער דֶערְנֶער הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁנִיטֶען, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְוֶועהְלְט (גֶעקְרֶענְקְט) אוּנְד קֶענֶען דֶעם וָואס נִיצְט נִיט, אוּנְד דַארִיבֶּער שֶׁעהְמְט אֵייךְ וֶועגֶען אֵיירֶע תְּבוּאָה (פְרוּכְט) פוּן דֶעם גְרִימְצָארְן פוּן דֶעם הַאר:

14 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, אוֹיף אַלֶע מֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶע שְׁכֵנִים, וָואס רִיהְרֶען אָן אַן דֶעם עֶרְבְּטְהֵייל וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט עֶרְבֶּען מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, זֶעה, אִיךְ וֶועל זֵייא אוֹיסְרֵייסֶען פוּן זֵייעֶר לַאנְד, אוּנְד דָאס הוֹיז יְהוּדָה וֶועל אִיךְ אוֹיךְ אוֹיסְרֵייסֶען פוּן צְווִישֶׁען זֵייא:

15 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין נָאכְדֶעם דָאס אִיךְ הָאבּ זֵייא אוֹיסְגֶערִיסֶען, וֶועל אִיךְ מִיךְ אוּמְקֶערֶען אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ דֶערְבַּארֶעמֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען יֶעדֶערֶען צוּ זַיין נַחֲלָה, אוּנְד יֶעדֶערֶען צוּ זַיין לַאנְד:

16 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, וֶוען זֵייא וֶועלֶען לֶערְנֶען דִיא וֶועגֶען פוּן מֵיין פָאלְק, צוּ שְׁוֶוערֶען בֵּייא מֵיין נָאמֶען, אַזוֹי וָואהְר ווִיא דֶער הַאר לֶעבְּט, גְלֵייךְ ווִיא זֵייא הָאבֶּען גֶעלֶערֶענְט מֵיין פָאלְק צוּ שְׁוֶוערֶען בֵּייא דֶעם בַּעַל, אַזוֹי זָאלֶען זֵייא גֶעבּוֹיט וֶוערֶען צְווִישֶׁען מֵיין פָאלְק:

17 וֶוען זֵייא וֶועלֶען אָבֶּער נִיט הֶערֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אוֹיסְרֵייסֶען דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק, אוֹיסְרֵייסֶען אוּנְד פֶערְטִילִיגֶען, זָאגְט דֶער הַאר:

קאפיטעל יג

1 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר צוּ מִיר גֶעזָאגְט, גֵייא אוּנְד קוֹיף דִיר אֵיין גַארְטֶעל פוּן פְלַאקְס, אוּנְד זָאלְסְט אִיהְם טְהוּן אוֹיף דֵיינֶע לֶענְדֶען, אָבֶּער אִין וַואסֶער זָאלְסְט דוּא אִיהְם נִיט בְּרֶענְגֶען:

2 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעקוֹיפְט דֶעם גַארְטֶעל נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעטְהוּן אוֹיף מֵיינֶע לֶענְדֶען:

3 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר אֵיין צְווֵייטֶעס מָאל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

4 נֶעם דֶעם גַארְטֶעל וָואס דוּא הָאסְט גֶעקוֹיפְט, וָואס עֶר אִיז אוֹיף דֵיינֶע לֶענְדֶען אוּנְד שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד גֵייא צוּ דֶעם פְּרָת, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם

דארטען

דָארְטֶען בֶּעהַאלְטֶען אִין דֶעם שְׁפַּאלְט פוּן
דֶעם פֶּעלְזֶען׃
5 אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעגַאנְגֶען קֵיין פְּרָת
אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם בֶּעהַאלְטֶען בַּייא
דֶעם פְּרָת, אַזוֹי וִויא דֶער הַאר הָאט מִיר
גֶעבָּאטֶען׃
6 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם עֶנְדֶע
פוּן פִיל טֶעג, הָאט דֶער הַאר צוּ מִיר
גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד גֵייא צוּ
דֶעם פְּרָת, אוּנְד נֶעם פוּן דָארְט דֶעם
גַארְטֶעל וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען
אִיהְם דָארְטֶען צוּ בֶּעהַאלְטֶען׃
7 אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם
פְּרָת, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעגְרָאבֶּען, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען דֶעם גַארְטֶעל פוּן
דֶעם אָרְט אַוְואוּ אִיךְ הָאבּ אִיהְם
דָארְטֶען בֶּעהַאלְטֶען, אוּנְד זֶעה, דֶער
גַארְטֶעל אִיז פֶערְדָארְבֶּען גֶעוָוארֶען, אוּנְד
הָאט צוּ קֵיין שׁוּם זַאךְ גֶעטוֹיגְט׃
8 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
9 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, אַזוֹי
וֶועל אִיךְ פֶערְדַארְבֶּען דֶעם שְׁטָאלְץ
פוּן יְהוּדָה, אוּנְד דֶעם שְׁטָאלְץ פוּן
יְרוּשָׁלַיִם וָואס עֶר אִיז גְרוֹיס׃
10 דָאס דָאזִיגֶע שְׁלֶעכְטֶע פָאלְק,
וָואס זֵייא וִוילֶען נִיט הֶערֶען צוּ מֵיינֶע
וֶוערְטֶער, וָואס זֵייא גֵייעֶן אִין דִיא
גֶעדַאנְקֶען פוּן זֵייעֶר הַארְץ, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ אַנְדֶערֶע גֶע־
טֶער, זֵייא צוּ דִינֶען, אוּנְד זִיךְ פַאר
זֵייא צוּ בִּיקֶען, אַזוֹי זָאל עֶס וֶוערֶען
וִויא דֶער דָאזִיגֶער גַארְטֶעל, וָואס עֶר
טוֹיג נִיט צוּ קֵיין שׁוּם זַאךְ׃
11 וָוארִין וִויא דֶער גַארְטֶעל וֶוערְט
בֶּעהֶעפְט צוּ דִיא לֶענְדֶען פוּן אֵיין
מֶענְשׁ אַזוֹי הָאבּ אִיךְ צוּ מִיר בֶּעהֶעפְט
דָאס גַאנְצֶע הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע הוֹיז פוּן יְהוּדָה, זָאגְט דֶער
הַאר, דָאס זֵייא זָאלֶען זַיין מֵיין פָאלְק,
צוּ אֵיין נָאמֶען אוּנְד צוּ אֵיין לוֹיבּ אוּנְד
צוּ אֵיין שֵׁיינְקֵייט, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען
נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען׃
12 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען
דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט, אַזוֹי זָאגְט דֶער
הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, יֶעדֶער
קְרוּג וֶוערְט גֶעפִילְט מִיט וַויין, אוּנְד
זֵייא וֶועלֶען צוּ דִיר זָאגֶען, וַוייסֶען מִיר
דֶען נִיט אַז יֶעדֶער קְרוּג וֶוערְט גֶעפִילְט
מִיט וַויין?
13 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא זָאגֶען,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, אִיךְ מַאךְ
פִיל דִיא אַלֶע אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן דֶעם
דָאזִיגֶען לַאנְד, אוּנְד דִיא קֶענִיגֶען וָואס
זִיצֶען פַאר דָוִד אוֹיף זַיין שְׁטוּהְל, אוּנְד
דִיא כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא נְבִיאִים, אוּנְד
אַלֶע אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם מִיט
שִׁכְּרוּת׃
14 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא צוּשְׁמֶעטֶערְן
(צוּבְּרֶעקְלֶען) אֵיינֶעם צוּ דֶעם אַנְדֶערְן,
אוּנְד דִיא עֶלְטֶערְן אוּנְד דִיא זִיהְן צוּ־
זַאמֶען, זָאגְט דֶער הַאר, אִיךְ וֶועל מִיךְ
נִיט עֶרְבַּארֶעמֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט
שׁוֹינֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט רַחְמָנוּת
הָאבֶּען כְּדֵי אִיךְ זָאל זֵייא פֶערְ־
דַארְבֶּען׃
15 הֶערְט אוּנְד פֶערְנֶעמְט, אִיהְר זָאלְט
נִיט שְׁטָאלְץ זַיין, וָוארִין דֶער הַאר
הָאט גֶערֶעט׃
16 גֶעבְּט צוּ דֶעם הַאר, אֵייעֶר גָאט
כָּבוֹד אֵיידֶער עֶר וֶועט פִינְסְטֶער מַאכֶען,
אוּנְד אֵיידֶער אֵיירֶע פִיס וֶועלֶען זִיךְ
אָנְשְׁטוֹיסֶען אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן פִינְ־
סְטֶערְנִיס, וֶוען אִיהְר וֶועט הָאפֶען

אויף

אויף לִיכְטִיגְקֵייט, אוּנְד עֶר וֶועט
עֶס מַאכֶען צוּ דֶעם טויט־שָׁאטֶען, אוּנְד
עֶר וֶועט עֶס מַאכֶען צוּ דֶעם שְׁוַוארְצֶען
וָואלְקֶען :
17 אָבֶּער וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט הֶערֶען,
אַזוֹי וֶועט אִין פֶערְבָּארְגֶענִים מֵיינֶע
זֶעעלֶע וֵויינֶען וֶועגֶען אֵייעֶר שְׁטָאלְץ,
אוּנְד אִיךְ וֶועל טְרֶערֶען פֶערְגִיסֶען, יָא
מֵיין אויג וֶועט רִינֶען טְרֶערֶען, וָוארִין
עֶס וֶועט גֶעפַאנְגֶען וֶוערֶען דִיא סְטַאדֶע
(הֶערְדֶע) פוּן דֶעם הַאר :
18 זָאג צוּ דֶעם קֶענִיג אוּנְד צוּ דִיא
פִירְשְׁטֶען, זֶעצְט אֵייךְ נִידֶערִיג, וָוארִין
עֶס הָאט אַרוּפְּגֶענִידֶערְט פוּן אֵייעֶר
קָאפּ אֵייעֶר הֶערְלִיכֶע (שֵׁיינֶע) קְרוין :
19 דִיא שְׁטֶעט פוּן דָרוֹם־זֵייט זֶענֶען
פֶערשְׁלָאסֶען, אוּנְד קֵיינֶער עֶפֶענְט
נִיט, יְהוּדָה אִיז אִין גַאנְצֶען פֶערטְרִיבֶען
גֶעוָוארֶען, גַאנְץ אִים גַאנְצֶען פֶער־
טְרִיבֶען :
20 הֵייבְּט אויף אֵייעֶרֶע אויגֶען אוּנְד
זֶעהְט, דִיא וָואס קוּמֶען פוּן צָפוֹן־זֵייט,
וְואוּ אִיז דִיא סְטַאדֶע (הֶערְדֶע) וָואס
אִיז דִיר גֶעגֶעבֶען גֶעוָוארֶען, דִיא שָׁאף
פוּן דֵיינֶע שֵׁיינְקֵייט ?
21 וָואס וֶועסְט דוּא זָאגֶען וֶוען עֶר
וֶועט אִיבֶּער דִיר שְׁטְרָאפֶען, וָואס דוּא
אַלֵיין הָאסְט זֵייא גֶעלֶערְנְט צוּ זֵיין
הַארֶען אִיבֶּער דִיר, צוּ הוֹיפְּטלֵייט,
וֶועלֶען דִיךְ דֶען קֵיין וֵויעֶען נִיט
אָנְגְרֵייפֶען, גְלֵייךְ וִויא אֵיין וַוייבּ אֵיינֶע
גֶעווִיגֶערִין :
22 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט זָאגֶען אִין
דֵיין הַארְץ, וַוארוּם הָאט מִיךְ דָאס
דָאזִיגֶע גֶעטְרָאפֶען ? וֶועגֶען דֵיינֶע פִילֶע
זִינְד, וָואס זֶענֶען אויפְגֶעדֶעקְט גֶעוָוארֶען
אויף דֵיינֶע זוימֶען, עֶס זֶענֶען עֶנְט־
פְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען (אויף) דֵיינֶע טְרִיט :
23 קֶען דֶען דֶער כּוּשִׁי זֵיינֶע הויט
פֶערְבֵּייטֶען ? אָדֶער אֵיין פַאנְטֶער זֵיינֶע
פְלֶעקֶען ? אַזוֹי וֶועט אִיהְר נִיט קֶענֶען
גוּטֶעס טְהוּן וֶוען אִיהְר זֶענְט גֶעלֶערְנְט
שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן :
24 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא צוּשְׁפְּרֵייטֶען
וִויא שְׁטְרוֹיא וָואס גֵייט אַוֶועק פַאר
דֶעם ווִינְד פוּן דֶער מִדְבָּר :
25 דָאס אִיז דֵיין גוֹרָל דֵיין צוּגֶע־
מָאסְטֶענֶעם טְהֵייל פוּן מִיר, זָאגְט דֶער
הַאר ! וֵוייל דוּא הָאסְט מִיךְ פֶערְגֶעסֶען,
אוּנְד הָאסְט דִיךְ פֶערְזִיכֶערְט אויף
פַאלְשְׁקֵייט :
26 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אויךְ עֶנְטפְּלֶעקְט
דֵיינֶע זוימֶען פַאר דֵיין אָנְגֶעזִיכְט, דָאס
דֵיינֶע שַׁאנְד זָאל גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען :
27 דֵיינֶע אוּנְצוּכְט טְרֵייבֶען (נִאוּף)
אוּנְד דֵיין יוֹכְצֶען, דֵיינֶע זְנוּת טְרֵייבֶּע־
רֵייא אויף דִיא הוֹיכֶע עֶרְטֶער אִין
דֶעם פֶעלְד, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דֵיינֶע
אוּמְווִירְדִיגְקֵייט, וֵוייא צוּ דִיר יְרוּשָׁלַיִם,
דוּא ווִילְסְט נִיט רֵיין וֶוערֶען, נָאךְ בִּיז
וַואנֶען (זָאל עֶס דוֹיעֶרְן) ?

קאפיטעל יד

1 דָאס אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ
וֶועגֶען דֶעם אויפְהַאלְטֶען פוּן רֶעגֶען :
2 יְהוּדָה טְרוֹיעֶרְט, אוּנְד אִיהְרֶע
טוֹיעֶרְן זֶענֶען פֶערשְׁנִיטֶען (פֶערשְׁמַאכְט)
זֵייא זֶענֶען פֶערשְׁוַוארְצְט בִּיז צוּ דֶער
עֶרְד, אוּנְד דָאס גֶעשְׁרֵייא פוּן יְרוּשָׁלַיִם
גֵייט אַרוּיף :
3 אוּנְד זֵייעֶרֶע שְׁטַארְקֶע הָאבֶען גֶע־
שִׁיקְט זֵייעֶרֶע יוּנְגֶע צוּ דֶעם וַואסֶער ;
זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דִיא גְרִיבֶּער,
זֵייא הָאבֶען נִיט גֶעפוּנֶען קֵיין וַואסֶער

זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט מִיט
לֵיידִיגֶע כֵּלִים (גֶעפֶּעס), זֵייא שֶׁעהֶמֶען
זִיךְ אוּנְד זֵייא זֶענֶען פֶערְווִירְט אוּנְד
זֵייא בֶּעדֶעקֶען זֵייעֶר קָאפּ:
4 וֶועגֶען דֶער עֶרְד וָואס זִיא אִיז
צוּבְּרָאכֶען, וַוייל עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען
קֵיין רֶעגֶען אִין דֶעם לַאנְד שֶׁעהֶמֶען
זִיךְ דִיא אַקֶערְלֵייט אוּנְד בֶּעדֶעקֶען
זֵייעֶר קָאפּ:
5 וָוארִין אוֹיךְ דִיא הִינְד אוֹיף דֶעם
פֶעלְד, הָאט גֶעבּוֹירֶען אוּנְד אִיז פֶערְ־
לָאזֶען, וָוארִין עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין
גְרָאז:
6 אוּנְד דִיא ווִילְדֶע אֵייזֶעלְן שְׁטֵייעֶן
אוֹיף דִיא הוֹיכֶע עֶרְטֶער, זֵייא שְׁלִינְגֶען
דִיא לוּפְט וִויא דִיא שָׁאקַאלֶען, זֵייעֶרֶע
אוֹיגֶען זֶענֶען פֶערְשְׁמַאכְט, וַוייל עֶס
אִיז קֵיין גְרָאז נִיט דָא:
7 וֶוען אוּנְזֶערֶע זִינְד צֵייגֶען קֶעגֶען
אוּנְס, אָ הַאר, אַזוֹי טְהוּא עֶס וֶועגֶען
דֵיין נָאמֶען, וָוארִין אוּנְזֶערֶע אָפְּקֶעהְרוּנְג
זֶענֶען פִיל, קֶעגֶען דִיר הָאבֶּען מִיר
גֶעזִינְדִיגְט:
8 דוּא הָאפֶענוּנְג פוּן יִשְׂרָאֵל, זֵיין
הֶעלְפֶער אִין דֶער צֵייט פוּן אֵיין צָרָה
(נוֹיטְה) וַוארוּם זָאלְסְט דוּא זֵיין וִויא
אֵיין פְרֶעמְדֶער אִין דֶעם לַאנְד, אוּנְד
וִויא אֵיין דוּרְכְרֵייזֶענְדֶער וָואס נֵייגְט
(זֵיין גֶעצֶעלְט) כְּדֵי אִיבֶּערצוּנֶעכְטִיגֶען:
9 וַוארוּם זָאלְסְט דוּא זֵיין וִויא אֵיין
פֶערְטוּמֶעלְטֶער מֶענְשׁ, וִויא אֵיין גִבּוֹר
וָואס קֶען נִיט הֶעלְפֶען? אוּנְד דוּא
בִּיסְט דָאךְ צְווִישֶׁען אוּנְס, אָ הַאר,
אוּנְד דֵיין נָאמֶען וֶוערְט אִיבֶּער אוּנְס
גֶערוּפֶען, דוּא זָאלְסְט אוּנְס נִיט פֶערְ־
לָאזֶען:
10 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט צוּ
דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא
לִיבּ גֶעהַאט זִיךְ צוּ פֶערְוָואגֶעלְן, זֵייעֶרֶע
פִיס הָאבֶּען זֵייא נִיט צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען,
אָבֶּער דֶער הַאר הָאט זֵייא נִיט בֶּע־
ווִילִיגְט, אַצוּנְד וֶועט עֶר זֵייעֶרֶע זִינְד
גֶעדֶענְקֶען אוּנְד זֵייעֶרֶע זִינְד וֶועט עֶר
בֶּעשְׁטְרָאפֶען:
11 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר גֶע־
זָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט בֶּעטֶען פַאר
דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק צוּ גוּטֶען:
12 וֶוען זֵייא פַאסְטֶען הֶער אִיךְ נִיט
צוּ זֵייעֶר גֶעשְׁרֵייא, אוּנְד וֶוען זֵייא
בְּרֶענְגֶען אוֹיף אֵיין עוֹלָה (בְּרַאנְד־
אָפְּפֶער) אוּנְד אֵיין מִנְחָה (שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער)
בֶּעוִוילִיג אִיךְ נִיט אִין זֵייא, נֵייעֶרְט
דוּרְךְ שְׁוֶוערְד אוּנְד דוּרְךְ הוּנְגֶער נוֹיטְה
אוּנְד דוּרְךְ אֵיין דֶבֶר (פֶּעסְט) פֶערְלֶענְד
אִיךְ זֵייא:
13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אוֹי ווֵייא
הַאר גָאט, זֶעה דִיא נְבִיאִים זָאגֶען צוּ
זֵייא, אִיהְר וֶועט נִיט זֶעהֶען דָאס
שְׁוֶוערְד, אוּנְד הוּנְגֶער וֶועט בֵּייא אֵייךְ
נִיט זֵיין, נֵייעֶרְט אֵיין אֶמֶת'ן שָׁלוֹם
(וַואהְרֶע פְרִידֶע) וֶועל אִיךְ אֵייךְ גֶעבֶּען
אִין דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט:
14 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר
גֶעזָאגְט, דִיא נְבִיאִים זָאגֶען פַאלְשֶׁע
נְבִיאוֹת אִין מֵיין נָאמֶען, אִיךְ הָאבּ
זֵייא נִיט גֶעשִׁיקְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
זֵייא נִיט גֶעבָּאטֶען, אוּנְד הָאבּ צוּ זֵייא
נִיט גֶערֶעט, פַאלְשֶׁע זֶעהוּנְג, אוּנְד כִּשׁוּף
אוּנְד גֶעצֶענְדְרִינְגְסְט, אוּנְד דוּרְךְ בֶּעטְרוּג
פוּן זֵייעֶר הַארְץ זָאגֶען זֵייא צוּ אֵייךְ
נְבִיאוֹת:
15 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט
אוֹיף דִיא נְבִיאִים וָואס זָאגֶען אִין מֵיין
נָאמֶען נְבִיאוֹת אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא



נִיט

נִיט גֶעשִׁיקְט, אוּנְד זֵייא זָאגֶען, שְׁוֶוערְד אוּנְד הוּנְגֶער־נוֹיטְה וֶועט אִין דֶעם דָּאזִיגֶען לַאנְד נִיט זֵיין, דוּרְךְ דָּאס שְׁוֶוערְד אוּנְד הוּנְגֶער וֶועלֶען זִיךְ עֶנְדִיגֶען (אוּמְקוּמֶען) דִיא זֶעלְבִּיגֶע נְבִיאִים:

16 אוּנְד דָּאס פָאלְק, צוּ וֶועלְכֶע זֵייא זָאגֶען נְבִיאוּת וֶועלֶען גֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען אִין דִיא גַאסֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם פַאר דֶעם הוּנְגֶער אוּנְד פַאר דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד קֵיינֶער וֶועט נִיט זֵיין וֶוער עֶס זָאל זֵייא בֶּעגְרָאבֶען, זֵייא אוּנְד זֵיירֶע וַוייבֶּער, זֵיירֶע זִיהְן אוּנְד זֵיירֶע טֶעכְטֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייעֶר שְׁלֶעכְטֶעס אִיבֶּער זֵייא אוֹיסְגִיסֶען:

17 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען דָּאס דָּאזִיגֶע וָוארְט, עֶס וֶועלֶען רִינֶען טְרֶערֶען פוּן מֵיינֶע אוֹיגֶען, בֵּייא טָאג אוּנְד בֵּייא נַאכְט, אוּנְד וֶועלֶען נִיט שְׁטִיל בְּלֵייבֶּען, וָוארִין אֵיין גְרוֹיסֶער בְּרָאךְ הָאט צוּבְּרָאכֶען דִיא יוּנְגְפְרוֹיא, דִיא טָאכְטֶער פוּן מֵיין פָאלְק, מִיט אֵיינֶער זֶעהְר קְרַאנְקֶען וְואוּנְד:

18 וֶוען אִיךְ גֵייא אַרוֹיס אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד זֶעה, דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד וֶוען אִיךְ קוּם אִין דֶער שְׁטָאט אַרֵיין, אוּנְד זֶעה, דָא זֶענֶען גֶעקְרֶענְקְטֶע פוּן דֶעם הוּנְגֶער, וָוארִין אַזוֹי וִויא דֶער נָבִיא אַזוֹי אוֹיךְ דֶער כֹּהֵן שְׁלֶעפְּט זִיךְ אַרוּם אִיבֶּער דֶעם לַאנְד אוּנְד וַויסֶען נִיט (וָואס צוּ טְהוּן):

19 הָאסְט דוּא דֶען יְהוּדָה פֶערְהַאסְט? אָדֶער הָאט דֵיינֶע זֶעלֶע פֶערְאוּמְ־ווִירְדִיגְט אִין צִיוֹן? וַוארוּם הָאסְט דוּא אוּנְס אַזוֹי גֶעשְׁלָאגֶען, דָּאס מִיר הָאבֶּען נִיט קֵיין הֵיילוּנְג? מִיר הָאבֶּען גֶע־הָאפְּט אוֹיף שָׁלוֹם, אָבֶּער עֶס אִיז קֵיין גוּטֶעס—אוֹיף אֵיינֶע צַייט פוּן הֵיילוּנְג, אָבֶּער זֶעה, עֶס אִיז נוּר שְׁרֶעקֶענִים:

20 מִיר דֶערְקֶענֶען אָ הַאר אוּנְזֶערֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, דִיא זִינְד פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן, דָּאס מִיר הָאבֶּען צוּ דִיר גֶעזִינְדִיגְט:

21 דוּא זָאלְסְט אוּנְס נִיט פֶערְוָוארְפֶען אוּם דֵיין נָאמֶען וֶועגֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט צוּ שַׁאנְדֶע מַאכֶען דֵיין (כִּסֵּא הַכָּבוֹד) דֶעם שְׁטוּהְל פוּן דֵיין עֶהְרֶע, גֶעדֶענְק, דוּא זָאלְסְט נִיט צוּשְׁטֶערֶען דֵיין בּוּנְד מִיט אוּנְס:

22 אִיז דֶען דָא צְווִישֶׁען דִיא גֶעצֶען פוּן דִיא גוֹיִם (הֵיידֶען) אַזָאלְכֶע וָואס זָאלֶען גֶעבֶּען רֶעגֶען, אָדֶער קֶענֶען דִיא הִימֶעלְן גֶעבֶּען שְׁפְּרֵייא־רֶעגֶען? בִּיסְט דוּא עֶס נִיט, דֶער הַאר, אוּנְזֶער גָאט, אוּנְד אוֹיף דִיר וֶועלֶען מִיר הָאפֶען, וָוארִין דוּא הָאסְט אַלֶעס דָּאס דָּאזִיגֶע גֶעמַאכְט:

## קאפיטעל טו

1 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר גֶע־זָאגְט, וֶוען משֶׁה אוּנְד שְׁמוּאֵל זָאלֶען פַאר מִיר שְׁטֵיין, וֶועט דָאךְ מֵיינֶע זֶעלֶע נִיט (בֶּעגֶעהְרֶען) צוּ דֶעם דָּאזִיגֶען פָאלְק, שִׁיק זֵייא אַוֶועק פוּן מֵיין אָנְגֶעזִיכְט דָּאס זֵייא זָאלֶען אַרוֹיסְגֵיין:

2 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אַז זֵייא וֶועלֶען צוּ דִיר זָאגֶען, וְואוּ אַהִין זָאלֶען מִיר אַוֶועקְגֵיין, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, וֶוער צוּ דֶעם טוֹיט (אִיז בֶּעשְׁטִימְט) דֶער אִיז צוּ דֶעם טוֹיט, אוּנְד וֶוער צוּ דֶעם שְׁוֶוערְד—דֶער אִיז צוּ דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד דֶער וָואס אִיז צוּ דֶעם הוּנְגֶער—אִיז צוּ דֶעם הוּנְגֶער, אוּנְד דֶער וָואס

אִיז צוּ דֶער גֶעפַאנְגשַׁאפְט—דֶער אִיז
צוּ דֶער גֶעפַאנְגשַׁאפְט ׃
3 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּער זַייא אוֹיפְ־
גֶעמֶען פִיעֶר מִשְׁפָּחוֹת, זָאגְט דֶער הַאר,
דָאס שְׁוֶוערְד צוּ טֵייטֶען, אוּנְד דִיא
הִינְד אַוֶועקְצוּשְׁלֶעפֶּען, אוּנְד דִיא פֵייגֶעל
פוּן דֶעם הִימֶעל אוּנְד דִיא חַיוֹת פוּן
דֶעם לַאנְד, צוּ פְרֶעסֶען אוּנְד צוּ
פֶערְדַארְבֶּען ׃
4 אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא גֶעבֶּען צוּ אֵיין
צִיטֶערְנִים צוּ אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶען פוּן דֶער
עֶרְד, וֶועגֶען מְנַשֶּׁה דֶעם זוּהְן פוּן
חִזְקִיָהוּ דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, פוּן
וֶועגֶען דֶעם וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן אִין
יְרוּשָׁלַיִם ׃
5 וָוארִין וֶוער וֶועט זִיךְ דֶערְבַּארְמֶען
אִיבֶּער דִיר אָ יְרוּשָׁלַיִם, אָדֶער וֶוער
וֶועט דִיךְ בֶּעדוֹיעֶרְן ? אָדֶער וֶוער וֶועט
זִיךְ קֶעהְרֶען צוּ פְרֶעגֶען נָאךְ דֵיין
שָׁלוֹם ?
6 דוּא הָאסְט מִיךְ פֶערְלָאזֶען זָאגְט
דֶער הַאר, דוּא בִּיסְט צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען,
אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מֵיינֶע הַאנְד גֶענֵייגְט
קֶעגֶען דִיר, דָאס אִיךְ זָאל דִיךְ פֶערְ־
דַארְבֶּען, אִיךְ בִּין מִיד גֶעוָוארֶען פוּן
מִיךְ צוּ בֶּערֶענְקֶען (בֶּערֵייעֶן, חֲרָטָה
הָאבֶּען) ׃
7 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא גֶעוָוארְפֶען
מִיט דֶער וַוארְף־שוֹיפֶעל אִין דִיא
טוֹיעֶרְן פוּן דֶעם לַאנְד, אִיךְ הָאבּ זַייא
פֶערְוָוארְפֶען (פוּן קִינְדֶער), אִיךְ הָאבּ
פֶערְטִילִיגְט מֵיין פָאלְק, דָאךְ הָאבֶּען
זַייא זִיךְ נִיט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט פוּן זֵיירֶע
וֶועגֶען ׃
8 זֵיינֶע אַלְמָנוֹת זֶענֶען שְׁטַארְקֶער
גֶעוָוארֶען (אִין צָאהְל) מֶעהְר פוּן דֶעם
זַאמְד פוּן דִיא יַמִים, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
צוּ זַייא גֶעבְּרַאכְט אוֹיף דִיא מוּטֶער
פוּן דֶעם אוֹיסְדֶערְוֶוועהְלְטֶען, דֶעם צוּ־
שְׁטֶערֶער אִין מִיטֶען טָאג, אִיךְ הָאבּ
גֶעמַאכְט פְּלוּצְלִינְג אִיבֶּער זַייא פַאלֶען,
דֶעם פֵיינְד (אָדֶער אֵיין בְּרָאךְ) אוּנְד
שְׁרֶעקֶענִים ׃
9 פֶערְשְׁנִיטֶען (פֶערְשְׁמַאכְט) אִיז דִיא
וָואס הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיבֶּען, זִיא הָאט
אוֹיסְגֶעאָטֶעמְט אִיהְרֶע זֶעעֶלֶע, אִיהְר
זוּן אִיז אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען וֶוען עֶס אִיז
נָאךְ טָאג גֶעוֶועזֶען, זִיא הָאט זִיךְ גֶע־
שֶׁעהְמְט אוּנְד אִיז בְּלַאס גֶעוָוארֶען,
אוּנְד זֵיירֶע אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע וֶועל
אִיךְ צוּ דֶעם שְׁוֶוערְד גֶעבֶּען פַאר זֵיירֶע
פֵיינְד, זָאגְט דֶער הַאר ׃
10 וֵויא אִיז מִיר, מֵיינֶע מוּטֶער, דָאס
דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעבּוֹירֶען, אֵיין מַאן
פוּן שְׁטְרֵייט אוּנְד אֵיין מַאן פוּן קְרִיג
צוּ דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד, אִיךְ הָאבּ פוּן
קֵיינֶעם קֵיין שׁוּלְד־גֶעלְד נִיט גֶעמָאנְט,
אוּנְד קֵיינֶער הָאט בֵּייא מִיר נִיט גֶע־
מָאנְט, דָאךְ פְלוּכֶען מִיךְ אַלֶע ׃
11 דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, זָאל אִיךְ
דִיךְ נִיט בֶּעדְרֶענְגֶען, (אָדֶער דֵיין
אִיבֶּערבְּלֵייבּוּנְג) צוּ דֶעם גוּטֶען, הָאבּ
אִיךְ גֶעזָארְט בֵּייא דִיר בֶּעגֶעגֶענֶען
(אָדֶער בֶּעטֶען) אִין דֶער צֵייט פוּן
שְׁלֶעכְטֶעס, אוּנְד אִין דֶער צֵייט פוּן
דֶעם בֶּעדְרֶענְגֶענִים פוּן דֶעם פֵיינְד ׃
12 וֶוערְט דֶען אֵייזֶען צוּבְּרָאבֶּען,
אֵייזֶען אוּנְד קוּפֶּער פוּן צָפוֹן־זֵייט ׃
13 דֵיין פֶערְמֶעגֶען אוּנְד דֵיינֶע אוֹצְרוֹת
וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען צוּ דֶעם רוֹיבּ, אָהְן
קוֹיף־פְּרֵייז ; וֶועגֶען אַלֶע דֵיינֶע זִינְד,
אוּנְד אִין אַלֶע דֵיינֶע גְרֶענְעֶצֶען ׃
14 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ דוּרְכְפִיהְרֶען
מִיט דֵיינֶע פֵיינְד אִין אֵיין לַאנְד וָואס

דוּא קֶענְסְט נִיט, וָוארִין אַיין פֵייעֶר
אִיז אָנְגֶעצִינְדֶעט אִין מֵיין צָארְן עֶס זָאל
אוֹיף אֵייךְ בְּרֶענֶען׃
15 דוּא ווייסְט עֶס אָ הַאר! גֶעדֶענְק
אָן מִיר, אוּנְד גֶעבּ אַכְטוּנְג אוֹיף מִיר,
אוּנְד נֶעם פַאר מִיר נְקָמָה פוּן מֵיינֶע
נָאכְיָאגֶער, נֶעם מִיךְ נִיט אַוֶועק נָאךְ
דֵיין לַאנְגֶען צָארְן, דוּא זָאלְסְט דָאךְ
דֶערְקֶענֶען, דָאס אִיךְ טְרָאג וֶועגְן
דִיר שַאנְד׃
16 דֵיינֶע וֶוערְטֶער זֶענֶען גֶעפוּנֶען
גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא (וִויא)
אוֹיפְגֶעגֶעסֶען, אוּנְד דֵיינֶע וֶוערְטֶער
זֶענֶען צוּ מִיר גֶעוָוארֶען צוּ פְרֵייד,
אוּנְד צוּ פְרֵיילִיכְקֵייט פוּן מֵיין הַארְץ,
וָוארִין דֵיין נָאמֶען אִיז אִיבֶּער מִיר
גֶערוּפֶען, אָ הַאר, גָאט צְבָאוֹת׃
17 אִיךְ בִּין נִיט גֶעזֶעסֶען אִין דֶער
פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן דִיא שְׁפֶּעטֶערְס דָאס
אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעפְרֵייט, פוּן וֶועגֶען
דֵיינֶע הַאנְד בִּין אִיךְ אַלֵיין גֶעזֶעסֶען,
וָוארִין מִיט פֶערְדְרָאס הָאסְט דוּא מִיךְ
פִיל גֶעמַאכְט׃
18 וַוארוּם אִיז מֵיין שְׁמֶערְץ גֶעוָוארֶען
דוּיעֶרְהַאפְט, אוּנְד מֵיינֶע וְוּאוּנְד אָן
הָאפֶענוּנְג אוּנְד וִויל זִיךְ נִיט הֵיילֶען?
דוּא בִּיסְט מִיר גֶעוָוארֶען וִויא אַיין
פַאלְשׁ וַואסֶער, אוּנְד נִיט וִויא טְרֵייעֶס׃
19 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, וֶוען
דוּא וֶועסְט דִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען, אַזוֹי וֶועל
אִיךְ דִיךְ אוֹיךְ אוּמְקֶעהְרֶען דָאס דוּא
זָאלְסְט פַאר מִיר שְׁטֵיין בְּלֵייבֶּען, אוּנְד
וֶוען דוּא וֶועסְט דָאס טֵייעֶרֶע פוּן דֶעם
שְׁלֶעכְטֶען אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען, אַזוֹי זָאלְסְט
דוּא זֵיין וִויא מֵיין מוֹיל, זֵייא זָאלֶען
זִיךְ צוּ דִיר קֶעהְרֶען, אָבֶּער דוּא
זָאלְסְט דִיךְ צוּ זֵייא נִיט קֶעהְרֶען׃
20 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מַאכֶען צוּ
דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק פַאר אֵיינֶע קוּפֶּערְ־
נֶע מוֹיעֶר, צוּ אַ פֶעסְטוּנְג, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען שְׁטְרֵייטֶען קֶעגֶען דִיר אָבֶּער
זֵייא וֶועלֶען דִיךְ נִיט בֵּייקוּמֶען, וָוארִין
אִיךְ בִּין מִיט דִיר, כְּדֵי דִיר צוּ הֶעלְפֶען
אוּנְד דִיךְ מַצִיל צוּ זֵיין, זָאגְט דֶער הַאר׃
21 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מַצִיל זֵיין פוּן
דִיא הֶענְד פוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע, אוּנְד
אִיךְ וֶועל דִיךְ אוֹיסְלֵייזֶען פוּן דִיא
פוֹיסְט פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע (גֶעוַואלְטְ־
טֶהֶעטִיגֶע)׃

## קאפיטעל טז

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
2 דוּא זָאלְסְט צוּ דִיר קֵיין ווייבּ
נֶעמֶען, אוּנְד עֶס זָאל צוּ דִיר קֵיין
זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער זֵיין אִין דֶעם
דָאזִיגֶען אָרְט׃
3 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר וֶועגֶען
דִיא זִיהְן אוּנְד דִיא טֶעכְטֶער, וָואס
וֶועלֶען גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען אִין דֶעם דָא־
זִיגֶען אָרְט, אוּנְד וֶועגֶען זֵייעֶרֶע מוּטֶערְס
וָואס הָאבֶּען זֵייא גֶעבּוֹירֶען, אוּנְד
וֶועגֶען זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן (פָאטֶערְס) וָואס
הָאבֶּען זֵייא גֶעצֵייגְט אִין דֶעם דָאזִיגֶען
לַאנְד׃
4 אַיין שְׁמֶערְצְלִיכֶען טוֹיט זָאלֶען זֵייא
שְׁטַארְבֶּען, זֵייא זָאלֶען נִיט בֶּעקְלָאגְט
וֶוערֶען אוּנְד נִיט בֶּעגְרָאבֶּען וֶוערֶען,
צוּ מִיסְט אוֹיף דֶעם פְּנִים פוּן דִיא עֶרְד
זָאלֶען זֵייא זֵיין, אוּנְד דוּרְךְ דֶעם
שְׁוֶוערְד אוּנְד הוּנְגֶער זָאלֶען זֵייא
פֶערְלֶענְד וֶוערֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע טוֹיטֶע
קֶערְפֶּער זָאלֶען זֵיין צוּ שְׁפֵּייז צוּ דִיא
עוֹפוֹת פוּן (אוּנְטֶער) דֶעם הִימֶעל אוּנְד
צוּ דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם לַאנְד׃

5 וָוארִין אַזוי זָאגְט דֶער הַאר, דוּא
זָאלְסְט נִיט קוּמֶען אִין דֶעם הויז פוּן
טְרוֹיעֶר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט גֵיין צוּ
בֶּעקְלָאגֶען, אוּנְד צוּ בֶּעטְרוֹיעֶרֶען זֵייא,
וָוארִין אִיךְ הָאבּ אֵיינְגֶעטְהוּן (אַוֶועקְ־
גֶענוּמֶען) מֵיין פְרִידֶען פוּן דֶעם דָאזִיגֶען
פָאלְק, זָאגְט דֶער הַאר, דִיא גְנָאד
אוּנְד בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט :
6 אוּנְד עֶס וֶועלֶען שְׁטַארְבֶּען גְרוֹיסֶע
אוּנְד קְלֵיינֶע אִין דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד,
זֵייא וֶועלֶען נִיט בֶּעגְרָאבֶּען וֶוערֶען,
אוּנְד מֶען וֶועט זֵייא נִיט בֶּעקְלָאגֶען,
אוּנְד מֶען וֶועט זִיךְ נִיט קְרַאצֶען
וֶועגֶען זֵייא, אוּנְד מֶען וֶועט זִיךְ נִיט
פְלִיקֶען (קָאהְל מַאכֶען), וֶועגֶען
זֵייא :
7 אוּנְד מֶען וֶועט נִיט בְּרוֹיט בְּרֶעכֶען
וֶועגֶען זֵייא, כְּדֵי דֶעם טְרוֹירִיגֶען צוּ
טְרֵייסְטֶען וֶועגֶען דֶעם טוֹיטֶען, אוּנְד
מֶען זָאל זֵייא נִיט גֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען
דָאס כּוֹס פוּן טְרֵייסְט וֶועגֶען זֵיין
פָאטֶער אָדֶער וֶועגֶען זֵיינֶע מוּטֶער :
8 אוּנְד אִין דֶעם שֶׁענְק־הויז זָאלְסְט
דוּא נִיט קוּמֶען מִיט זֵייא צוּ זִיצֶען, צוּ
עֶסֶען אוּנְד צוּ טְרִינְקֶען :
9 וָוארִין אַזוי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, זֶעה, אִיךְ מַאךְ
פֶערְשְׁטֶערֶען פוּן דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט
פַאר אֵיירֶע אוֹיגֶען אוּנְד אִין אֵיירֶע
טֶעג דָאס קוֹל פוּן שִׂמְחָה, דָאס קוֹל
פוּן דֶעם חָתָן אוּנְד דָאס קוֹל פוּן דֶער
כַּלָה !
10 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין, וֶוען דוּא
וֶועסְט אָנְזָאגֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק
אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע ווערְטֶער, אַזוי וֶועלֶען
זֵייא צוּ דִיר זָאגֶען, אִיבֶּער וָואס הָאט
דֶער הַאר גֶערֶעט וֶועגֶען אוּנְס אַלֶעס
דָאס דָאזִיגֶע שְׁלֶעכְטֶעס ? אוּנְד וָואס
אִיז אוּנְזֶערֶע שׁוּלְד אוּנְד אוּנְזֶערֶע זִינְד
וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט צוּ דֶעם
הַאר, אוּנְזֶער גָאט ?
11 אַזוי זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא זָאגֶען,
ווייל אֵיירֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען מִיךְ פֶערְ־
לָאזְט, זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער,
אוּנְד הָאבֶּען זֵייא גֶעדִינְט אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ צוּ זֵייא גֶעבִּיקְט, אוּנְד מִיךְ הָאבֶּען
זֵייא פֶערְלָאזְט אוּנְד מֵיין תּוֹרָה הָאבֶּען
זֵייא נִיט גֶעהִיט (גֶעהַאלְטֶען) :
12 אוּנְד אִיהְר הָאט נָאךְ עֶרְגֶער גֶע־
טְהוּן וִויא אֵיירֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד אִיהְר
גֵייט יֶעדֶערֶער נָאךְ דֶעם טְרַאכְטֶען
(אָדֶער הַארְטִיגְקֵייט) פוּן זֵיין שְׁלֶעכְטֶען
הַארְץ, כְּדֵי מִיךְ נִיט צוּ הֶערֶען :
13 אוּנְד אַזוי וֶועל אִיךְ אֵייךְ אַוֶועקְ־
וַוארְפֶען פוּן דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, אִין
אֵיין לַאנְד, וָואס אִיהְר הָאט נִיט
גֶעקֶענְט, אוּנְד אוֹיךְ נִיט אֵיירֶע עֶלְטֶערְן,
אוּנְד דָארְטֶען וֶועט אִיהְר דִינֶען
פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער טָאג אוּנְד נַאכְט,
ווייל אִיךְ וֶועל אֵייךְ קֵיין בַּארְמְ־
הֶערְצִיגְקֵייט גֶעבֶּען :
14 דַארוּם זֶעה, עֶס קוּמֶען אָן טֶעג,
זָאגְט דֶער הַאר, דָאס עֶס וֶועט נִיט
מֶעהְר גֶעזָאגְט וֶוערֶען, אַזוי וָואהְר וִויא
דֶער הַאר לֶעבְּט, וָואס הָאט אַרוֹיסְ־
גֶעפִיהְרְט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן
דֶעם לַאנְד מִצְרָיִם :
15 גֵייעֶרְט, אַזוי וָואהְר וִויא דֶער הַאר
לֶעבְּט, וָואס הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן צָפוֹן־לַאנְד, אוּנְד
פוּן אַלֶע לֶענְדֶער, אַוְואוּ עֶר הָאט זֵייא
דָארְטֶען גֶעהַאט פֶערְשְׁטוֹיסֶען ! אוּנְד
אִיךְ וֶועל זֵייא צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען צוּ זֵייעֶר

לַאנְד, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען צוּ
זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן:
16 זֶעה, אִיךְ שִׁיק נָאךְ פִיל פִישֶׁער,
זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זֵייא
פִישֶׁען (פַאנְגֶען) אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶועל
אִיךְ שִׁיקֶען נָאךְ פִיל יֶעגֶער, אוּנְד זֵייא
זָאלֶען זֵייא פֶערְיָאגֶען פוּן יֶעדֶען בַּארְג,
אוּנְד פוּן יֶעדֶען הִיגֶעל (הוֹיכֶען פְּלַאץ)
אוּנְד פוּן דִיא שְׁפַּאלְטֶען פוּן דִיא
פֶעלְזֶען:
17 וָוארִין מֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אִיבֶּער
אַלֶע זֵייעֶרֶע וֶועגֶען, זֵייא זֶענֶען נִיט
פֶערְבָּארְגֶען פַאר מִיר, אוּנְד זֵייעֶרֶע
עֲוֹנוֹת זֶענֶען נִיט פֶערְדֶעקְט פוּן מֵיינֶע
אוֹיגֶען:
18 אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעצָאלֶען צוּ דֶעם
עֶרְשְׁטֶען זֵייעֶר דָאפֶּעלְטֶע שׁוּלְד אוּנְד
זֵייעֶרֶע זִינְד, ווייל זֵייא הָאבֶּען פֶערְ־
שְׁוַואכְט מֵיין לַאנְד מִיט דִיא טוֹיטֶע
קֶערְפֶּער פוּן זֵייעֶרֶע אוּמְווירְדִיגְקֵייט
(גֶעצֶען), זֵייא הָאבֶּען (דֶערְמִיט) מֵיין
נַחֲלָה פִיל גֶעמַאכְט:
19 אָ הַאר, מֵיינֶע שְׁטַארְקֵייט אוּנְד
מֵיינֶע פֶעסְטוּנְג, אוּנְד מֵיינֶע רֶעטוּנְג אִין
דֶעם טָאג פוּן אֵיין צָרָה, צוּ דִיר וֶועלֶען
פֶעלְקֶער קוּמֶען פוּן דִיא עֶנְדֶען פוּן
דֶער עֶרְד אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זָאגֶען,
נָאר לִיגֶען הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן
גֶעעֶרְבְּט, נַארִישְׁקֵייט, אוּנְד אוּנְטֶער
זֵייא אִיז נִיט דָא וָואס עֶס זָאל קֶענֶען
נוּצֶען:
20 זָאל זִיךְ אֵיין מֶענְשׁ מַאכֶען
גֶעטֶער? אָבֶּער זֵייא זֶענֶען דָאךְ נִיט
קֵיינֶע גֶעטֶער:
21 דַארוּם זֶעה אִיךְ לָאז זֵייא דִיזֶעס
מָאל וִויסֶען, אִיךְ וֶועל זֵייא מַאכֶען
דֶערְקֶענֶען מֵיינֶע הַאנְד (מַאכְט) אוּנְד
מֵיינֶע שְׁטַארְקֵייט, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
דֶערְקֶענֶען דָאס מֵיין נָאמֶען אִיז
יְהוָֹה (הַאר):

קאפּיטעל יז

1 דִיא זִינְד פוּן יְהוּדָה אִיז אוֹיפְ־
גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט אֵיינֶע אֵייזֶערְנֶע פֶעדֶער,
מִיט אֵיין שְׁפִּיץ פוּן אַ דִימַאנְט, אוֹיסְ־
גֶעקְרִיצְט אוֹיף דֶער טַאבְּעל פוּן זֵייעֶר
הַארְץ, אוּנְד אַן דִיא הֶערְנֶער פוּן זֵייעֶרֶע
מִזְבְּחוֹת:
2 אַזוֹי וִויא עֶס גֶעדֶענְקֶען זֵייעֶרֶע
קִינְדֶער זֵייעֶרֶע מִזְבְּחוֹת אוּנְד זֵייעֶרֶע
לִינְדֶען־בֵּיימֶער בֵּייא דִיא גְרִינֶע בֵּיימֶער
אוֹיף דִיא הוֹיכֶע הִיגֶעלְן:
3 אוֹי מֵיין בַּארְג אוֹיף דֶעם פֶעלְד!
דֵיין פֶערְמֶעגֶען, אַלֶע דֵיינֶע אוֹצְרוֹת
וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען צוּ דֶעם רוֹיבּ, אוֹיךְ
דֵיינֶע בָּמוֹת, וֶועגֶען דִיא זִינְד וָואס
אִיז אִין אַלֶע דֵיינֶע גְרֶענְעֶצֶען:
4 אוּנְד דוּא וֶועסְט אָפְּלָאזֶען (דֵיינֶע
אַרְבֵּייט), יָא, דוּא אַלֵיין פוּן דֵיינֶע
נַחֲלָה, וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעגֶעבֶּען,
אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מַאכֶען דִינֶען
דֵיינֶע פֵיינְד אִין אֵיין לַאנְד, וָואס דוּא
קֶענְסְט נִיט, וָוארִין אִיהְר הָאט אָנְ־
גֶעצוּנְדֶען אֵיין פֵייעֶר אִין מֵיין צָארְן,
דָאס עֶס זָאל אֵיבִּיג בְּרֶענֶען:
5 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, פֶערְפְלוּכְט
אִיז דֶער מַאן, וָואס פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ
אוֹיף אַ מֶענְשׁ, אוּנְד מַאכְט פְלֵיישׁ צוּ
זֵיינֶע שְׁטַארְקֵייט (אָרֶעם) אוּנְד קֶעהְרְט
אָפּ מִיט זֵיין הַארְץ פוּן דֶעם הַאר:
6 אוּנְד עֶר וֶועט זֵיין וִויא אֵיין נַאַ־
קֶעטֶער בּוֹים אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנְד
עֶר וֶועט נִיט זֶעהֶען וֶוען עֶס קוּמְט
גוּטֶעס, אוּנְד עֶר וֶועט ווֹאוֹינֶען אִין
אֵיין דַארֶען אָרְט אִין דֶער מִדְבָּר, אִין

איין

אין געװאַלצֶענֶעס לאַנד, אוּנד נִיט
קיין בֶּעזֶעצְטֶעס (בֶּעװאוֹינְט)׃
7 געבענשט איז דער מאַן װאָס ער
פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ אויף דעם האַר, אוּנְד
ער האָט דעם האַר צוּ זיינֶע פֶערְ־
זִיכֶערוּנְג׃
8 אוּנְד ער װעט זיין אַזוֹי װיא איין
בּוים געפְּלַאנְצְט בּייא דעם װאַסֶער,
אוּנְד אִין דעם שְׁטְרָאם שְׁטְרֶעקְט ער
אוים זיינֶע װאָרְצֶעלְן, אוּנְד ער װעט
זִיךְ נִיט פָארְכְטֶען װען דִיא הִיטְץ װעט
קוּמֶען, אוּנְד זיין בְּלַאט װעט זיין גְרִין,
אוּנְד אִין דעם יָאהְר פוּן טְרוּקֶענְהֵייט
װעט ער נִיט זָארְגֶען, אוּנְד ער װעט
נִיט אוֹיפְהֶערֶען צוּ טְרָאגֶען פְרוּכְט׃
9 פֶערקְרִימְט אִיבֶּער אַלֶעם אִיז דָאס
הַארְץ, אוּנְד עֶס אִיז אוּנְהֵיילְבַּאר, װער
קֶען דָאס דֶערְקֶענֶען׃
10 אִיךְ, דער האַר, פָארְשְׁט דָאס
האַרְץ, אוּנְד פְּרוּב דִיא נִירֶען, כְּדֵי צוּ
געבֶּען צוּ אִיטְלִיכֶען נָאךְ זיינֶע װעגֶען,
נָאךְ דִיא פְרוּכְט פוּן זיינֶע װערְק׃
11 אַזוֹי װיא איין רֶעבְּהוּן שְׁרֵייט
(נִיט אויף אִיהְרֶע אֵייעֶר) אוּנְד גֶע־
װינְט נִיט, אַזוֹי אִיז דער װָאס
עָרְװערְבְּט זִיךְ רֵייכְטְהוּם אוּנְד נִיט
מִיט רֶעכְט, אִין דער הֶעלְפְט פוּן זיינֶע
טֶעג װעט עֶס אִיהְם פֶערְלָאזֶען, אוּנְד
אִין זיין עֶנְדֶע װעט ער בְּלייבֶּען איין
נַאר׃
12 אוֹי, שְׁטוּהְל פוּן עֶהְרֶע, דֶערְהוֹיבֶּען
פוּן אַנְפַאנְג, דער אָרְט פוּן אוּנְזֶער
הֵיילִיגְקֵייט׃
13 דִיא הָאפֶענוּנְג פוּן יִשְׂרָאֵל בִּיזְט
דוּא, אָ האַר! אַלֶע דִיא װָאס פֶערְלָאזֶען
דִיךְ װעלֶען פֶערְשֶׁעמְט װערֶען! אוּנְד
מֵיינֶע אָפְּקֶעהְרֶער װעלֶען אִין דִיא
ערְד געשְׁרִיבֶּען װערֶען, װָארִין זייא
הָאבֶּען פֶערְלָאזְט דעם קְוַואל פוּן דעם
לֶעבֶּעדִיגֶען װַאסֶער, דעם האַר׃
14 הֵייל מִיךְ! אָ האַר, אַזוֹי װעל אִיךְ
געהֵיילְט זיין, הֶעלְף מִיר אַזוֹי װעל
אִיךְ געהָאלְפֶען װערֶען, װָארִין דוּא
בִּיסְט מֵיין לוֹיב׃
15 זֶעה, זייא זָאגֶען צוּ מִיר, װוּא
אִיז דָאס װָארְט פוּן דעם האַר? לָאז
עֶס דָאךְ קוּמֶען!
16 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ נִיט געאֵיילְט
אַזוֹי װיא איין פַּאסְטוּךְ (הִירְט) דִיר
נָאכְצוּגֵיין! אוּנְד דעם שְׁרֶעקְלִיכֶען טָאג
הָאבּ אִיךְ נִיט געגְלִיסְט, דוּא װייסְט
עֶס! דָאס אַרוֹיסְבְּרֶענְגוּנְג פוּן מֵיינֶע
לִיפֶּען, אִיז געװֶעזֶען פַאר דֵיין פָּנִים׃
17 דוּא זָאלְסְט מִיר נִיט זיין צוּ איין
שְׁרֶעק, דוּא בִּיסְט מֵיין בֶּעשִׁיצֶער אִין
דעם טָאג פוּן אוּנְגְלִיק (שְׁלֶעכְטֶעס)׃
18 עֶס װעלֶען פֶערְשֶׁעמְט װערֶען
מֵיינֶע נָאכְיָאגֶער, אָבֶּער אִיךְ װעל נִיט
פֶערְשֶׁעמְט װערֶען, זייא װעלֶען דֶערְ־
שְׁרָאקֶען װערֶען, אָבֶּער אִיךְ װעל מִיךְ
נִיט דֶערְשְׁרֶעקֶען, בְּרֶענְג אויף זייא
דעם שְׁלֶעכְטֶען טָאג, אוּנְד מִיט איין
דָאפֶּעלְטֶע צוּבְּרֶעכוּנְג זָאלְסְט דוּא זייא
צוּבְּרֶעכֶען׃
19 אַזוֹי הָאט דער האַר צוּ מִיר
געזָאגְט, גֵייא אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ
שְׁטֶעלֶען אִין דעם טוֹיעֶר פוּן דִיא
קִינְדֶער פוּן דעם פָאלְק, װָאס דוּרְךְ אִיהְם
קוּמֶען אַרֵיין דִיא מְלָכִים פוּן יְהוּדָה,
אוּנְד דוּרְךְ װעלְכֶען זייא גֵייעֶן אַרוֹיס,
אוּנְד אִין אַלֶע טוֹירֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם׃
20 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זייא זָאגֶען,
הֶערְט דָאס װָארְט פוּן דעם האַר,
אִיהְר מְלָכִים פוּן יְהוּדָה, אוּנְד גַאנְץ

יְהוּדָה, אוּנְד אַלֶע אֵיינְוואוינֶער פוּן
יְרוּשָׁלַיִם, וָואס קוּמֶען אַרַיין דוּרְךְ דִיא
דָאזִיגֶע טוֹירֶען:
21 אַזוֹי זָאגְט דֶער הֶאר, אִיהְר זָאלְט
זַיין גֶעהִיטֶען אוֹיף אֵייעֶרֶע זֶעלֶען, אוּנְד
אִיהְר זָאלְט נִיט טְרָאגֶען קֵיין מַשָּׂא
(לַאסְט) אִין דֶעם טָאג פוּן שַׁבָּת, אוּנְד
בְּרֶענְגְט זַייא נִיט אַרַיין דוּרְךְ דִיא
טוֹירֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם:
22 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט אַרוֹיסְ־
בְּרֶענְגֶען קֵיין מַשָּׂא פוּן אֵייעֶרֶע הַייזֶער
אִין דֶעם טָאג פוּן שַׁבָּת, אוּנְד טְהוּט
נִיט קֵיין מְלָאכָה, נֵייעֶרְט אִיהְר זָאלְט
הֵיילִיגֶען דֶעם טָאג פוּן שַׁבָּת, אַזוֹי
וְוִיא אִיךְ הָאבּ אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן גֶעְ־
בָּאטֶען:
23 אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעווָאלְט
הֶערֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט גֶענֵייגְט
זֵייעֶר אוֹיעֶר, אוּנְד זַייא הָאבֶּען הַארְט
גֶעמַאכְט זֵייעֶר נַאקֶען כְּדֵי נִיט צוּ
הֶערֶען, אוּנְד נִיט אָנְצוּנֶעמֶען קֵיין
שְׁטְרָאף־רֵייד (מוּסָר):
24 אוּנְד עֶס וֶועט (אָבֶּער) זַיין וֶוען
אִיהְר וֶועט מִיךְ הֶערֶען, זָאגְט דֶער
הֶאר, נִיט אַרַיינְצוּבְּרֶענְגֶען קֵיין מַשָּׂא
דוּרְךְ דִיא טוֹירֶען פוּן דִיא דָאזִיגֶע
שְׁטָאט אִין דֶעם טָאג פוּן שַׁבָּת, אוּנְד
אִיהְר וֶועט הֵיילִיגֶען דֶעם טָאג פוּן
שַׁבָּת כְּדֵי נִיט צוּ טְהוּן אִין אִיהְם קֵיין
מְלָאכָה:
25 אַזוֹי וֶועלֶען אַרַיינְקוּמֶען דוּרְךְ דִיא
טוֹירֶען פוּן דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט, מְלָכִים
אוּנְד פִירְשְׁטֶען, וָואס וֶועלֶען זִיצֶען
אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן דָוִד, זַייא וֶועלֶען
רַייטֶען אוֹיף רֵייטְוֶועגֶען אוּנְד פֶערְד,
זַייא אוּנְד זֵייעֶרֶע פִירְשְׁטֶען, דִיא מֶענְ־
שֶׁען פוּן יְהוּדָה, אוּנְד דִיא אֵיינְוואוינֶער
פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט
וֶועט בֶּעוואוינְט וֶוערֶען אוֹיף אֵייבִּיג:
26 אוּנְד זַייא וֶועלֶען קוּמֶען פוּן דִיא
שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד פוּן אַרוּם
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד פוּן דֶעם לַאנְד פוּן
בִּנְיָמִין, אוּנְד פוּן דֶעם טָהָאל אוּנְד פוּן
דִיא בֶּערְג אוּנְד פוּן דָרוֹם־זַייט, אוּנְד
בְּרֶענְגֶען בְּרַאנְד־אָפְּפֶער (עולות) אוּנְד
שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער (זְבָחִים) אוּנְד שְׁפֵּייז־
אָפְּפֶער (מְנָחוֹת) אוּנְד ווֵיירוֹיךְ, אוּנְד
וֶועלֶען בְּרֶענְגֶען דַאנְק־אָפְּפֶער (תּוֹדָה)
אִין דֶעם הוֹיז פוּן גָאט:
27 אָבֶּער וֶוען אִיהְר וֶועט מִיךְ נִיט
הֶערֶען דֶעם טָאג פוּן שַׁבָּת צוּ הֵיילִי־
גֶען, אוּנְד נִיט צוּ טְרָאגֶען קֵיין מַשָּׂא
אוּנְד אַרַיינְצוּקוּמֶען דוּרְךְ דִיא טוֹירֶען
פוּן יְרוּשָׁלַם אִין דֶעם טָאג פוּן שַׁבָּת,
אַזוֹי וֶועל אִיךְ אָנְצִינְדֶען אֵיין פֵייעֶר
אִין אִיהְרֶע טוֹירֶען, אוּנְד עֶס וֶועט
פֶערְבְּרֶענֶען דִיא פַּאלַאצֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד עֶס וֶועט נִיט פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען:

## קאפיטעל יח

1 דָאס וָוארְט, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ
יִרְמְיָהוּ פוּן דֶעם הֶאר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד גֶייא אַרוּפ צוּ
דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם טֶעפֶּער, אוּנְד
דָארְטֶען וֶועל אִיךְ דִיךְ מַאכֶען הֶערֶען
מֵיינֶע רֵייד:
3 אוּנְד אִיךְ בִּין אַרָאפְּגֶעגַאנְגֶען אִין
דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם טֶעפֶּער, אוּנְד זֶעה,
עֶר טְהוּט אֵיין מְלָאכָה אוֹיף דִיא
ווֶערְקְשְׁטֶעל:
4 אוּנְד וֶוען דִיא כְּלִי אִיז פֶערְדָארְבֶּען
גֶעוָוארֶען וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט מִיט
לֵיים אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם טֶעפֶּער,
אַזוֹי הָאט עֶר עֶס אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד
הָאט דֶערְפוּן גֶעמַאכְט אֵיין אַנְדֶערֶע


כלי

בְּלִי, אַזוי וויא עֶס אִיז גֶעפָּאלֶען אִין
דִיא אויגֶען פוּן דֶעם טֶעפֶּער צוּ
טְהוּן׃
5 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר, אַזוי צוּ זָאגֶען׃
6 קֶען אִיךְ דֶען נִיט צוּ אֵייךְ טְהוּן
אַזוי וויא דֶער דָאזִיגֶער טֶעפֶּער, הויז
פוּן יִשְׂרָאֵל? זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, אַזוי
וויא דָאס לֵיים אִיז אִין דִיא הַאנְד פוּן
דֶעם טֶעפֶּער, אַזוי זֶענְט אִיהְר אִין
מֵיינֶע הַאנְד, אָ הויז פוּן יִשְׂרָאֵל׃
7 אֵיין רֶגַע (אויגֶענְבְּלִיק) רֶעד אִיךְ
קֶעגֶען אֵיין פָאלְק אוּנְד קֶעגֶען אֵיין
קֶענִיגְרֵייךְ, עֶס אויסְצוּרֵייסֶען, צוּ צוּ־
שְׁטֶערֶען אוּנְד צוּ פֶערְלִירֶען׃
8 אָבֶּער וֶוען דָאס פָאלְק קֶעהְרְט זִיךְ
צוּרִיק פוּן זֵיין שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, וֶועגֶען
וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט, אַזוי הָאבּ
אִיךְ חַרָטָה וֶועגֶען דֶעם שְׁלֶעכְטֶעס
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט זֵייא צוּ
טְהוּן׃
9 אוּנְד אִין אֵיין רֶגַע רֶעד אִיךְ
קֶעגֶען אֵיין פָאלְק אוּנְד קֶעגֶען אֵיין
קֶענִיגְרֵייךְ עֶס אויפְצוּבּויעֶן אוּנְד צוּ
פְּלַאנְצֶען׃
10 אָבֶּער וֶוען עֶר טְהוּט דָאס וָואס
אִיז שְׁלֶעכְט אִין מֵיינֶע אויגֶען, כְּדֵי
נִיט צוּ הֶערֶען אִין מֵיין קוֹל, אַזוי
הָאבּ אִיךְ חַרָטָה אויף דֶעם גוּטֶעס
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט אִיהְם צוּ
פֶערְגִיטִיגֶען׃
11 אוּנְד אַצוּנְד, זָאג אִיךְ צוּ דִיא
מֶענְשֶׁען פוּן יְהוּדָה אוּנְד צוּ דִיא
אֵיינְוואוינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אַזוי צוּ
זָאגֶען, אַזוי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, אִיךְ
בֶּעשַׁאפף אויף אֵייךְ שְׁלֶעכְטֶעס, אוּנְד
טְרַאכְט אִיבֶּער אֵייךְ אֵיין גֶעדַאנְק
(פוּן שְׁלֶעכְטֶעס), קֶעהְרְט אֵייךְ צוּרִיק
יֶעדֶערֶער פוּן זֵיין שְׁלֶעכְטֶען וֶועג,
אוּנְד מַאכְט בֶּעסֶער אֵיירֶע וֶועגֶען
אוּנְד אֵיירֶע וֶוערְק׃
12 אָבֶּער זֵייא זָאגֶען עֶס אִיז צוּ פֶער־
צְוֵוייפֶלֶען! גֵייעֶרְט נָאךְ אוּנְזֶערֶע גֶע־
דַאנְקֶען וֶועלֶען מִיר גֵיין אוּנְד יֶעדֶערֶער
נָאךְ זֵיין טְרַאכְטֶען פוּן זֵיין שְׁלֶעכְטֶען
הַארְץ, וֶועלֶען מִיר טְהוּן׃
13 דַארוּם אַזוי זָאגְט דֶער הַאר,
פְרֶעגְט דָאךְ צְווִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער,
וֶוער הָאט אַזָאלְכֶעס גֶעהֶערְט, זֶעהְר
אַ מִיאוּסֶע זַאךְ הָאט גֶעטְהוּן דִיא יוּנְג־
פְרוֹי פוּן יִשְׂרָאֵל׃
14 וֶוערְט דֶען פֶערְלָאזְט פוּן דֶעם
שְׁטֵיין (פֶעלְזֶען) פוּן פֶעלְד דֶער שְׁנֵייא
פוּן לְבָנוֹן? אָדֶער וֶוערֶען פֶערְטְרִי־
קֶענְט שְׁטָארְמִיגֶע, קַאלְטֶע, פְלִיסֶענְדֶע
וַואסֶערְן?
15 וָוארִין מֵיין פָאלְק הָאט מִיךְ
פֶערְגֶעסֶען, זֵייא רֵייכֶערֶען צוּ פַאלְשׁ־
קֵייט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעמַאכְט
שְׁטְרוֹיכְלֶען מִיט זֵיירֶע וֶועגֶען אויף
דִיא אַלְטֶע שְׁטֶעגֶען, צוּ גֵיין אויף
וֶועגֶען, וָואס זֶענֶען נִיט קֵיין אויסְ־
גֶעטְרֶעטֶענֶע וֶועגֶען׃
16 צוּ מַאכֶען זֵייעֶר לַאנְד צוּ ווִיסְט,
צוּ דֶעם אֵייבִּיגֶען שְׁמוּצֶערוּנְג (פֵייפֶען),
יֶעדֶערֶער וָואס וֶועט פַאר אִיהְר
פֶערְבֵּייא גֵיין וֶועט עֶרְשְׁטוינֶען, אוּנְד
עֶר וֶועט שָׁאקְלֶען מִיט זֵיין קָאפּ׃
17 אַזוי וויא מִיט דֶעם מִזְרַח־ווִינְד
וֶועל אִיךְ זֵייא פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען פַאר
דֶעם פֵיינְד, דֶעם נַאקֶען אָבֶּער נִיט
דָאס אָנְגֶעזִיכְט וֶועל אִיךְ צוּ זֵייא
ווַייזֶען אִין דֶעם טָאג פוּן זֵייעֶר בְּרָאךְ
(פֶערְלוּירֶענְגַיין)׃


אוּנד

18 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, גֵייט, מִיר װֶעלֶען אויסְטְרַאכְטֶען אויף יִרְמְיָהוּ (בֵּייזֶע) גֶעדַאנְקֶען, װָארִין דִיא תּוֹרָה װֶעט נִיט פֶערְלוֹירֶען װֶערֶען פוּן דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד אֵיין עֵצָה (רַאטְה) פוּן דֶעם חָכָם אוּנְד אֵיין װָארְט פוּן דֶעם נָבִיא, גֵייט, לָאזֶען מִיר אִיהְם שְׁלָאגֶען מִיט דִיא צוּנְג, אוּנְד מִיר װֶעלֶען נִיט פֶערְנֶעמֶען צוּ אַלֶע זֵיינֶע װֶערְטֶער:

19 פֶערְנֶעם צוּ מִיר דוּא הַאר, אוּנְד הֶער צוּ דֶעם קוֹל פוּן מֵיינֶע קְרִיגֶער:

20 זָאל דֶען בֶּעצָאלְט װֶערֶען שְׁלֶעכְטֶעס פַאר גוּטֶעס, דָאס זֵייא הָאבֶּען גֶעגְרָאבֶּען אֵיין גְרִיבּ פַאר מֵיינֶע זֶעלֶע? גֶעדֶענְק דָאךְ מֵיין שְׁטֵיין פַאר דִיר, כְּדֵי צוּ רֶעדֶען גוּטֶעס װֶעגֶען זֵייא, אָפְּצוּקֶעהְרֶען דֵיין גְרִימְצָארְן פוּן זֵייא:

21 דַארוּם גֶעבּ אִיבֶּער זֵייעֶרֶע קִינְדֶער צוּ דִיא הוּנְגֶערְס־נוֹיטְה, אוּנְד מַאךְ זֵייא צוּרִינֶען (אָדֶער צִיה זֵייא דוּרְךְ) דוּרְךְ דָאס שְׁוֶוערְד, דָאס זֵייעֶרֶע װֵייבֶּער זָאלֶען זֵיין פֶערְוָוארְפֶען (פוּן קִינְדֶער) אוּנְד אַלְמָנוֹת אוּנְד זֵייעֶרֶע מֶענֶער זָאלֶען זֵיין דֶערְשְׁלָאגֶען פוּן דֶעם טוֹיט, אוּנְד זֵייעֶרֶע יוּנְגֶע לֵייט דֶערְשְׁלָאגֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד אִין דֶער מִלְחָמָה:

22 עֶס זָאל גֶעהֶערְט װֶערֶען אֵיין גֶעשְׁרֵייא פוּן זֵייעֶרֶע הֵייזֶער, װֶען דוּא װֶעסְט בְּרֶענְגֶען אִיבֶּער זֵייא אֵיין פֶערְזַאמְלוּנְג (פוּן מֶערְדֶער) פְּלוּצְלוּנְג! װֵייל זֵייא הָאבֶּען גֶעגְרָאבֶּען אֵיין גְרִיבּ מִיךְ צוּ בֶּעצְװִוינְגֶען, אוּנְד גֶעצֶען הָאבֶּען זֵייא פֶערְבָּארְגֶען פַאר מֵיינֶע פִיס:

23 אָבֶּער דוּא, הַאר, װֵייסְט אַלֶע זֵייעֶרֶע עֵצוֹת װֶעגֶען מִיר צוּ דֶעם טוֹיט, דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְגֶעבֶּען זֵייעֶרֶע שׁוּלְד, אוּנְד זֵייעֶרֶע זִינְד װָאס װֶעגֶען פַאר דִיר זָאלְסְט דוּא נִיט אויסְמֶעקֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זֵיין גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט פַאר דִיר, אִין דֶער צֵייט פוּן דֵיין צָארְן טְהוּא מִיט זֵייא:

## קאפיטעל יט

1 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, גֵייא אוּנְד דוּא זָאלְסְט קוֹיפֶען אֵיין קְרוּג פוּן אֵיין טֶעפֶּער, (אוּנְד נֶעם מִיט) פוּן דִיא עֶלְטסְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד פוּן דִיא עֶלְטסְטֶע פוּן דִיא כֹּהֲנִים:

2 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אַרוֹיסְגֵיין צוּ דֶעם טָהאל בֶּן־הִנּוֹם װָאס אִיז בֵּייא דֶעם אַרֵיינְגַאנְג פוּן דֶעם טוֹיעֶר חַרְסוּת (אָדֶער טֶעפֶּער טוֹיעֶר), אוּנְד דוּא זָאלְסְט אויסְרוּפֶען דִיא װֶערְטֶער װָאס אִיךְ װֶעל צוּ דִיר רֶעדֶען:

3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, הֶערְט צוּ דָאס װָארְט פוּן דֶעם הַאר, אִיהְר קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה, אוּנְד אִיהְר אֵיינְװוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג שְׁלֶעכְטֶעס אִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, דָאס יֶעדֶערֶער װָאס װֶעט עֶס הֶערֶען דֶעם װֶעלֶען זֵיינֶע אוֹירֶען קְלִינְגֶען:

4 װֵייל זֵייא הָאבֶּען מִיךְ פֶערְלָאזֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פְרֶעמְד גֶעמַאכְט דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, אוּנְד הָאבֶּען אִין אִיהְם מַקְטִיר גֶעװֶעזֶען צוּ אַנְדֶערֶע גֶעטֶער, פוּן װֶעלְכֶע זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעװוּסְט, זֵייא, אוּנְד זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פוּל גֶעמַאכְט דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט מִיט אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס בְּלוּט:

5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבּוֹיט דִיא בָּמוֹת צוּ דֶעם בַּעַל, צוּ פֶערְבְּרֶענֶען

זײערע קינדער אַלס בּראַנד־אָפּפֿער צו
דעם בּעל, װאָס איך האָב ניט גע־
בּאָטען אונד ניט גערעדט, אונד עס
איז ניט אױפֿגעגאַנגען אױף מײַן
האַרץ:
6 דאַרום זעה, עס קומען אָן טעג,
זאָגט דער האַר, דאָס דער דאָזיגער
אָרט װעט ניט מעהר גערופֿען װערען
תּופֿת אונד טהאָל בּן־הנום, נײַערט
טהאָל פֿון דערשלאָגונג:
7 אונד איך װעל לעער מאַכען די
עצה פֿון יהודה, אונד ירושלים אין
דעם דאָזיגען אָרט, אונד איך װעל
זײ מאַכען פֿאַלען דורך דעם שװערד
פֿאַר זײערע פֿײנד, אונד דורך די
האַנד פֿון די װאָס בּעגעהרען זײערע
זעלע, אונד איך װעל געבּען זײערע
טױטע קערפּער פֿאַר שפּײַז צו די
פֿײגעל פֿון דעם הימעל אונד פֿאַר די
חיות פֿון דער ערד:
8 אונד איך װעל מאַכען די דאָזיגע
שטאָט צו װיסט אונד צו שמוצערן
(פֿײפֿען, שפּאָטען), יעדער װאָס װעט
פֿאַרבּײַ גײן דורך איהר װעט זיך
ערשטױנען אונד שפּעטען איבּער אַלע
איהרע שלעג:
9 אונד איך װעל זײ מאַכען עסען דאָס
פֿלײש פֿון זײערע זיהן אונד דאָס פֿלײש
פֿון זײערע טעכטער, אונד יעדערער
װעט עסען דאָס פֿלײש פֿון זײַן חבר,
װעגען די בּעלאַגערונג אונד דעם
בּעדרענגעניס, װאָס זײערע פֿײנד װעלען
זײ בּעדרענגען אונד די װאָס בּע־
געהרען זײערע זעלע:
10 אונד דו זאָלסט צובּרעכען דעם
קריג פֿאַר די אױגען פֿון די מענשען
װאָס גײען מיט דיר:
11 אונד דו זאָלסט צו זײ זאָגען,
אַזױ זאָגט דער האַר צבאות, אַזױ
װעל איך צובּרעכען דאָס דאָזיגע פֿאָלק
אונד די דאָזיגע שטאָט, אַזױ װיא
מען צובּרעכט דאָס געפֿעס פֿון אַ
טעפּער װאָס עס קען ניט מעהר
געהײלט װערען, אונד אין תּופֿת װעט
מען בּעגראָבען, װײל עס װעט ניט זײַן
קײן אַנדערער אָרט צו בּעגראָבען:
12 אַזױ װעל איך צו דעם דאָזיגען
אָרט טהון, זאָגט דער האַר, אונד צו
זײַנע אײנװאױנער, אונד צו געבּען
(מאַכען) די דאָזיגע שטאָט גלײַך
װיא תּופֿת:
13 אונד עס װעלען זײַן די הײַזער
פֿון ירושלים, אונד די הײַזער פֿון
די קעניגע פֿון יהודה, אַזױ װיא
דער אָרט פֿון תּופֿת, װאָס זײ װעגען
אומרײַן, צו אַלע הײַזער אױף װעלכע
זײ האָבּען אױף זײערע דעכער גע־
רײכערט צו אַלע הערשאַפֿטען פֿון דעם
הימעל אונד האָבּען געגאָסען גיסונגען
(טרינק־אָפּפֿער) צו אַנדערע געטער:
14 אונד ירמיהו איז געקומען פֿון
דעם תּופֿת, װאָס דער האַר האָט איהם
געשיקט דאָרטען נבֿיאות צו זאָגען,
אונד ער איז געשטאַנען אין דעם הױף
פֿון דעם הױז פֿון דעם האַר, אונד ער
האָט געזאָגט צו דעם גאַנצען פֿאָלק:
15 אַזױ זאָגט דער האַר צבאות, דער
גאָט פֿון ישׂראל, זעה, איך בּרענג
אױף די דאָזיגע שטאָט, אונד אױף
אַלע איהרע שטעט דאָס גאַנצע
שלעכטע װאָס איך האָב װעגען איהר
גערעדט, װאָרין זײ האָבּען האַרט
געמאַכט זײער נאַקען, כּדי ניט צו
הערען מײַנע װערטער:

קאפיטעל כ

1 אונד ווען פשחור, דער זוהן פון אמר דער כהן,—אונד ער איז געוועזען איין אויפזעהער אין דעם הויז פון דעם האר—האט געהערט דאס ירמיהו האט נביאות געזאגט דיא דאזיגע ווערטער:

2 דא האט פשחור געשלאגען דעם נביא ירמיהו, אונד ער האט איהם אריינגעזעצט אין דעם געפענגעניס אריין וואס איז געוועזען אין דעם אויבערשטען טויער פון בנימן, אין דעם הויז פון דעם האר:

3 אונד עס איז געוועזען אויף מארגען, אזוי האט פשחור ארויסגעבראכט ירמיהו פון דעם געפענגעניס, אונד ירמיהו האט צו איהם געזאגט, ניט פשחור, רופט דער האר דיין נאמען, נייערט מגור מסביב (פורכט פון ארום):

4 ווארין אזוי זאגט דער האר, זעה, איך געב דיך איבער צו פארכט פאר דיר, אונד פאר אלע וואס האבען דיך ליב, אונד זייא וועלען פאלען דורך דעם שווערד פון זייערע פיינד, אונד דיינע אויגען וועלען עס זעהען, אונד גאנץ יהודה וועל איך איבערגעבען אין דיא האנד פון דעם קעניג פון בבל, אונד ער וועט זייא פערטרייבען נאך בבל, אונד ער וועט זייא שלאגען מיט דעם שווערד:

5 אונד איך וועל געבען דיא גאנצע מאכט פון דיא דאזיגע שטאט, אונד אלע איהרע מידיגקייט (וואס זיא האט זיך ערווארבען), אונד אלע איהרע טייערקייטען, אונד אלע אוצרות פון דיא קעניגע פון יהודה, וועל איך געבען אין דער האנד פון זייערע פיינד, אונד זייא וועלען זייא רויבען, אונד זייא וועלען זייא נעמען אונד וועלען זייא ברענגען נאך בבל:

6 אונד אויך דוא פשחור אונד אלע איינוואוינער פון דיין הויז, וועלען גיין אין דעם געפענגעניס, אונד ווען דוא וועסט קומען נאך בבל אזוי וועסט דוא דארטען שטארבען אונד דארטען בע־גראבען ווערען, דוא אונד אלע דיינע ליבהאבער, וואס דוא האסט צו זייא מיט פאלשקייט נביאות געזאגט:

7 דוא האסט מיך איבערגערעט, א האר, אונד איך האב מיך געלאזט איבעררעדען, דוא האסט מיך אנ־גענומען (אנגעגריפען) אונד דוא האסט מיך בייגעקומען, איך בין געווארען צו א געלעכטער דעם גאנצען טאג, אלע שפעטען איבער מיר:

8 ווארין ווען איך רעד נאר אזוי שרייא איך, וועגען געוואלדטהאט אונד רויב רוף איך אוים, ווייל דאס ווארט פון דעם האר איז צו מיר געווארען צו שאנד אונד צו שפאט דעם גאנצען טאג:

9 אונד ווען איך זאג איך וועל איהם ניט מעהר געדענקען, אונד איך וועל ניט מעהר רעדען אין זיין נאמען, אזוי ווערט מיר אין מיין הארץ וויא איין אנגעצינדענעס פייער, פערשלאסען אין מיינע ביינער, אונד ווען איך בעמיהע מיך עס איינצוהאלטען אזוי קען איך ניט:

10 ווארין איך האב געהערט דאס רעדען פון פילע, פארכט פון ארום! זאגט עס אן אונד מיר וועלען עס איהם אנזאגען, אלע מענשען וואס זענען

מִיט מִיר פְרַיְדְלִיךְ, הִיטְעֶן מַיין הִינְ־
קֶענְדִיגְעֶן טְרִיט, טָאמֶער וֶועט עֶר זִיךְ
לָאזְעֶן אִיבֶּערְרֶעדְעֶן, אַזוֹי וֶועלְעֶן מִיר
אִיהְם בַּייקוּמֶען, אוּנְד מִיר וֶועלְעֶן דַאן
אוּנְזֶערֶע נְקָמָה פוּן אִיהְם גֶעמֶען:
11 אָבֶּער דֶער הַאר אִיז מִיט מִיר,
גְלַייךְ וִויא אַיין שְׁטַארְקֶער הֶעלְד,
דַארוּם וֶועלֶען מַיינֶע נָאכְיָאגֶערְס גֶע־
שְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען אוּנְד וֶועלֶען נִיט
בַּייקוּמֶען, זֵייא וֶועלְעֶן זֶעהְר צוּ שַׁאנְד
וֶוערֶען—וָוארִין זֵייא הָאבֶּען נִיט בֶּע־
גְלִיקְט—מִיט אַיין אֵיבִּיגֶען שְׁמַאךְ וָואס
עֶס וֶועט נִיט פֶערְגֶעסֶען וֶוערֶען:
12 אָבֶּער דֶער הַאר צְבָאוֹת פְּרוּפְט
דֶעם גֶערֶעכְטֶען, עֶר זֶעהְט דִיא נִירֶען
אוּנְד דָאס הַארְץ, אִיךְ וֶועל זֶעהֶען
דַיין נְקָמָה פוּן זֵייא וָוארִין צוּ דִיר
הָאבּ אִיךְ עֶנְטְפְּלֶעקְט מַיין קְרִיג:
13 זִינְגְט צוּ דֶעם הַאר, לוֹיבְּט דֶעם
הַאר, וָוארִין עֶר הָאט מַצִיל גֶעוֶועזֶען
דִיא זֶעעֶלֶע פוּן דֶעם נוֹיטְבֶּעדֶערְפְטִיגֶען
פוּן דֶער הַאנְד פוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע:
14 פֶערְפְלוּכְט זָאל זַיין דֶער טָאג אִין
וֶועלְכֶען אִיךְ בִּין גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען,
דֶער טָאג אִין וֶועלְכֶען מַיינֶע מוּטֶער
הָאט מִיךְ גֶעבּוֹירֶען זָאל נִיט זַיין
גֶעבֶּענְשְׁט:
15 פֶערְפְלוּכְט זָאל זַיין דֶער מֶענְשׁ
וָואס הָאט מַיין פָאטֶער אָנְגֶעזָאגְט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַיין מֶענְלִיכֶעס קִינְד
אִיז צוּ דִיר גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, וָואס
עֶר הָאט אִיהְם פְרֵיילִיךְ גֶעמַאכְט:
16 אוּנְד יֶענֶער מֶענְשׁ זָאל זַיין אַזוֹי
וִויא דִיא שְׁטֶעט וָואס דֶער הַאר הָאט
אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד עֶר הָאט נִיט
חֲרָטָה גֶעהַאט (בֶּערֵייעֶט), אוּנְד עֶר
זָאל הֶערֶען אַ גֶעשְׁרֵייא אַם פְרִיה־
מָארְגֶען, אוּנְד אַיין שַׁאלוּנְג (פוּן קְרִיג)
אַם מִיטָאג־צַייט:
17 וַוייל עֶר הָאט מִיךְ נִיט גֶעטֵייט
פוּן דֶעם מוּטֶער־לֵייבּ, אַזוֹי וָואלְט מִיר
גֶעוֶועזֶען מַיינֶע מוּטֶער מַיין קֶבֶר,
אוּנְד אִיהְר מוּטֶערְלֵייבּ אַיין אֵייבִּיגֶע
שְׁוַואנְגֶערְשַׁאפְט:
18 וַוארוּם בִּין אִיךְ דֶען אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם מוּטֶערְלֵייבּ, צוּ
זֶעהֶען מִיה אוּנְד טְרוֹיעֶרְקַייט? אוּנְד
דָאס מַיינֶע טֶעג זָאלֶען זִיךְ פֶערְלֶענְגֶערְן
אִין שַׁאנְד!

## קאפיטעל כא

1 דָאס אִיז דָאס וָוארְט וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ פוּן דֶעם הַאר,
וֶוען דֶער קֶענִיג צִדְקִיָהוּ הָאט צוּ אִיהְם
גֶעשִׁיקְט דֶעם פַּשְׁחוּר, דֶער זוּהְן פוּן
מַלְכִּיָה, אוּנְד דֶעם צְפַנְיָה, דֶער זוּהְן
פוּן מַעֲשֵׂיָה דֶעם כֹּהֵן, וָואס זֵייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט:
2 פָארְשְׁט דָאךְ וֶועגֶען אוּנְס בַּייא
דֶעם הַאר, וָוארִין נְבוּכַדְרֶאצַר דֶער
קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאלְט מִלְחָמָה קֶעגֶען
אוּנְס, טָאמֶער וֶועט דֶער הַאר מִיט אוּנְס
טְהוּן אַזוֹי וִויא נָאךְ אַלֶע זַיינֶע וְואוּנְדֶער
דָאס עֶר זָאל אַרוֹיפְגֵיין פוּן אוּנְס:
3 אוּנְד יִרְמְיָהוּ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אַזוֹי זָאלְט אִיהְר זָאגֶען צוּ צִדְקִיָהוּ:
4 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל, זֶעה, אִיךְ קֶעהְר אַוֶועק דָאס
גֶעוֶועהְר פוּן דִיא מִלְחָמָה וָואס זֶענֶען
אִין אֵיירֶע הֶענְד וָואס אִיהְר הַאלְט
מִיט זֵייא מִלְחָמָה מִיט דֶעם קֶענִיג פוּן
בָּבֶל אוּנְד דִיא כַּשְׂדִים, וָואס דְרִיקֶען
אֵייךְ פוּן דְרוֹיסֶען צוּ דִיא מוֹיעֶר, אוּנְד
אִיךְ וֶועל זֵייא פֶערְזַאמְלֶען אִין דֶער
מִיטֶען פוּן דֶער דָאזִיגֶער שְׁטָאט:

5 אוּנְד אִיךְ װֶעל מִיט אַייךְ מִלְחָמָה
הַאלְטֶען מִיט אַיינֶע אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶע
הַאנְד אוּנְד מִיט אַיין שְׁטַארְקֶען אָרֶעם,
אוּנְד מִיט צָארְן אוּנְד גְרִימְצָארְן, אוּנְד
מִיט גְרוֹיסֶען כַּעַס׃
6 אוּנְד אִיךְ װֶעל שְׁלָאגֶען דִיא אַיינ־
װאוֹינֶער פוּן דֶער דָאזִיגֶער שְׁטָאט,
מֶענְשֶׁען אוּנְד בְּהֵמוֹת, דוּרךְ אַיין
גְרוֹיסֶען מָארְד (פֶּעסְט) װֶעלֶען זַייא
שְׁטַארְבֶּען׃
7 אוּנְד נָאךְ דֶעם, זָאגְט דֶער הַאר,
װֶעל אִיךְ גֶעבֶּען צִדְקִיָהוּ דֶעם קֶענִיג
פוּן יְהוּדָה, אוּנְד זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד
דָאס פָאלְק, אוּנְד דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע
אִין דֶער דָאזִיגֶער שְׁטָאט פוּן דֶער
פֶּעסְט, פוּן דֶעם שְׁװֶערְד אוּנְד פוּן דֶעם
הוּנְגֶער, אִין דִיא הַאנְד פוּן נְבוּכַדְרֶאצַר,
דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אוּנְד אִין דִיא
הַאנְד פוּן זַיירֶע פַיינְד, אוּנְד אִין דִיא
הַאנְד פוּן דִיא װָאס בֶּעגֶעהְרֶען זַיירֶע
זֶעעלֶע, אוּנְד זַייא װֶעלֶען זַייא שְׁלָאגֶען
מִיט דֶער שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁװֶערְד, עֶר
װֶעט זִיךְ נִיט דֶערְבַּארֶעמֶען אִיבֶּער
זַייא, עֶר װֶעט נִיט שוֹינֶען אוּנְד עֶר
װֶעט נִיט מִיטְלַייד (רַחְמָנוּת) הָאבֶּען׃
8 אוּנְד צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק זָאלְסְט
דוּא זָאגֶען, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער
הַאר, זֶעהְט, אִיךְ גִיבּ פָאר אַייךְ דֶעם
װֶעג פוּן דֶעם לֶעבֶּען אוּנְד דֶעם װֶעג
פוּן דֶעם טוֹיט׃
9 דֶער װָאס בְּלַייבְּט אִין דֶער דָאזִיגֶער
שְׁטָאט װֶעט שְׁטַארְבֶּען דוּרךְ דֶעם
שְׁװֶערְד אוּנְד דוּרךְ דֶעם הוּנְגֶער אוּנְד
דוּרךְ דִיא מָארְד (פֶּעסְט), אוּנְד דֶער
װָאס װֶעט אַרוֹיסְגֵיין, אוּנְד װֶעט צוּ־
פַאלֶען צוּ דִיא כַּשְׂדִים װָאס בֶּעלַאגֶערְן
אוֹיף אַייךְ, װֶעט לֶעבֶּען, אוּנְד זַיינֶע
זֶעעלֶע װֶעט צוּ אִיהְם זַיין צוּ רוֹיבּ׃
10 װָארִין אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן מַיין
אַנְגֶעזִיכְט צוּ דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט צוּם
שְׁלֶעכְטֶען אוּנְד נִיט צוּם גוּטֶען, זָאגְט
דֶער הַאר, אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם
קֶענִיג פוּן בָּבֶל, װֶעט זִיא אִיבֶּערְ־
גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען, אוּנְד עֶר װֶעט זִיא
פֶערְבְּרֶענֶען מִיט פַייעֶר׃
11 אוּנְד צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דֶעם
קֶענִיג פוּן יְהוּדָה (זָאלְסְט דוּא זָאגֶען)
הֶערְט דָאס װָארְט פוּן דֶעם הַאר׃
12 דוּא הוֹיז פוּן דָוִד! אַזוֹי זָאגְט
דֶער הַאר, מִשְׁפָּט נָאךְ רֶעכְט יֶעדֶען
פְרִיה־מָארְגֶען, אוּנְד זַייט מַצִיל דֶעם
גֶערוֹיבְּטֶען, פוּן דִיא הַאנְד פוּן דֶעם
אוּנְטֶערְדְרִיקֶער, כְּדֵי מַיין גְרִימְצָארְן
זָאל נִיט אַרוֹיסְגֵיין אַזוֹי װִיא דָאס
פַייעֶר אוּנְד פֶערְבְּרֶענֶען אוּנְד עֶס
װֶעט נִיט זַיין קֵיין לֶעשֶׁער, װֶעגֶען
אַיירֶע שְׁלֶעכְטֶע װֶערְק׃
13 זֶעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיר, דוּא
אַיינְװאוֹינֶער אִין דֶעם טְהָאל, דוּא פֶעלְז
פוּן דֶעם פְּלוֹין, זָאגְט דֶער הַאר, קֶעגֶען
דִיא װָאס זָאגֶען, װֶער װֶעט אַרוּנְטֶער־
בְּרֶעכֶען אוֹיף אוּנְס? אוּנְד װֶער װֶעט
קוּמֶען אִין אוּנְזֶערֶע װאוֹינוּנְגֶען אַרַיין?
14 אָבֶּער אִיךְ װֶעל אַייךְ בֶּעשְׁטְרָאפֶען
נָאךְ דִיא פְרוּכְט פוּן אַיירֶע װֶערְק,
זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד אִיךְ װֶעל אָנְ־
צִינְדֶען אַיין פַייעֶר אִין אִיהְר װַאלְד, אוּנְד
עֶס װֶעט פֶערְצֶעהְרֶען (פֶערְבְּרֶענֶען)
אִיהְרֶע גַאנְצֶע אוּמְגֶעגֶענְד׃

## קאפיטעל כב

1 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, גֵייא
אַרוּפּ צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם קֶענִיג
פוּן יְהוּדָה, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דָארְטֶען
רֶעדֶען דָאס דָאזִיגֶע װָארְט׃

2 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, הֶער צוּ
דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, דוּא קֶענִיג
פוּן יְהוּדָה, וָואס זִיצְט אוֹיף דֶעם
שְׁטוּהְל פוּן דָּוִד, דוּא אוּנְד דֵיינֶע
קְנֶעכְט אוּנְד דֵיין פָאלְק, וָואס קוּמֶען
אַרַיין דוּרְךְ דִיא דָאזִיגֶע טוֹיעֶרְן:
3 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, טְהוּט מִשְׁפָּט
אוּנְד צְדָקָה, אוּנְד בֶּעפְרֵייעֶט דֶעם
גֶערוֹיבְּטֶען פוּן דֶעם אוּנְטֶערְדְרִיקֶער,
אוּנְד דֶעם פְרֶעמְדֶען, אוּנְד דֶעם יָתוֹם
אוּנְד דִיא אַלְמָנָה זָאלְט אִיהְר נִיט
דְרִיקֶען, אוּנְד נִיט בֶּערוֹיבֶּען, אוּנְד
אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְגִיסֶען אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס
בְּלוּט אִין דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט:
4 נֵייעֶרְט וֶוען אִיהְר וֶועט (אַזוֹי) דִיא
דָאזִיגֶע זַאךְ טְהוּן, אַזוֹי וֶועלֶען קוּמֶען
דוּרְךְ דִיא טוֹיעֶרְן פוּן דֶעם דָאזִיגֶען
הוֹיז, קֶענִיגֶע וָואס וֶועלֶען זִיצֶען אוֹיף
דֶעם טְרוֹין־שְׁטוּהְל פוּן דָּוִד, אוּנְד
רֵייטֶער אוֹיף רֵייטְוָועגֶען אוּנְד פֶערְד,
עֶר, זֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד זֵיין פָאלְק:
5 אָבֶּער וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט צוּהֶערֶען
דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ
בֵּייא מִיר גֶעשְׁוָוארֶען, זָאגְט דֶער הַאר,
דָאס דָאס דָאזִיגֶע הוֹיז וֶועט זֵיין צוּ
אֵיינֶע צוּשְׁטֶערוּנְג:
6 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, צוּ
דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה,
חָאטְשֶׁע דוּא בִּיסְט מִיר וִויא גִלְעָד,
(אָדֶער וִויא) דֶער שְׁפִּיץ פוּן לְבָנוֹן,
דָאךְ וֶועל אִיךְ דִיךְ מַאכֶען צוּ
וִויסְט, אַזוֹי וִויא שְׁטֶעט וָואס וֶוערֶען
נִיט בֶּעזֶעצְט ?
7 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּבֶּערֵייטֶען (אָדֶער
הֵיילִיגֶען) קֶעגֶען דִיר פֶערְדֶערְבֶּער,
דֶעם מַאן אוּנְד זֵיין גֶעוֶועהְר, אוּנְד
זֵייא וֶועלֶען אָפְּשְׁנֵיידֶען דֵיינֶע בֶּעסְטֶע
צֶעדֶערְבֵּיימֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵייא
וַוארְפֶען אוֹיף דֶעם פֵייעֶר:
8 אוּנְד עֶס וֶועלֶען פִיל פֶעלְקֶער
פֶערְאִיבֶּערְגֵיין בֵּייא דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זָאגֶען אֵיינֶער צוּ
דֶעם אַנְדֶערְן, וַוארוּם הָאט דֶער הַאר
אַזוֹי גֶעטְהוּן צוּ דֶער דָאזִיגֶער גְרוֹיסֶער
שְׁטָאט ?
9 אוּנְד אַזוֹי וֶועט מֶען זָאגֶען, ווייל
זֵייא הָאבֶּען פֶערְלָאזְט דֶעם בּוּנְד פוּן
דֶעם הַאר, זֵייעֶר גָאט, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעדִינְט:
10 אִיהְר זָאלְט נִיט ווֵיינֶען וֶועגֶען דֶעם
טוֹיטֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט וֶועגֶען אִיהְם
נִיט קְלָאגֶען, ווֵיינְט, ווֵיינְט, יָא, אִיבֶּער
דֶעם וָואס גֵייט אַוֶועק, ווייל עֶר וֶועט
זִיךְ נִיט מֶעהְר צוּרִיקְקֶעהְרֶען אוּנְד
זֶעהֶען דָאס לַאנְד פוּן זֵיינֶע גֶעבּוּרְט!
11 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צוּ
שַׁלּוּם, דֶעם זוּהְן פוּן יֹאשִׁיָּהוּ, דֶער
קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, וָואס עֶר רֶעגִיעֶרְט
אַנְשְׁטָאט זֵיין פָאטֶער יֹאשִׁיָּהוּ, וָואס
עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם דָאזִיגֶען
אָרְט, עֶר וֶועט זִיךְ דָארְטֶען נִיט מֶעהְר
צוּרִיקְקֶעהְרֶען:
12 וָוארִין אִין דֶעם אָרְט ווּאוּ זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם פֶערְטְרִיבֶּען, דָארְטֶען
וֶועט עֶר שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע
לַאנְד וֶועט עֶר נִיט מֶעהְר זֶעהֶען:
13 וֵוייא אִיז דֶעם דֶער וָואס בּוֹיעֶט
זֵיין הוֹיז מִיט אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד
זֵיינֶע אוֹיבֶּער־שְׁטוּבֶּען מִיט אוּמְרֶעכְט,
וָואס אַרְבֵּייט מִיט זֵיין פְרֵיינְד אוּמְזִיסְט
אוּנְד בֶּעצָאהְלְט אִיהְם נִיט פַאר זֵיינֶע
אַרְבֵּייט:
14 דֶער וָואס זָאגְט אִיךְ וֶועל מִיר

בויען פון (גרויסע) מאָסען איין הויז,
אונד גראַמע אויבער־שטובען, אונד
ער רייסט זיך אויף פענסטער, אונד
בעדעקט זייא מיט צעדערן, אונד
בעפאַרבט זייא מיט רויטע פאַרב:
15 ווערסט דוא רען קעניגען ווייל
דוא מאַכסט דיך גרויס (דערהייצט דיך)
מיט צעדערן? דיין פאַטער, האט ער
ניט געגעסען אונד געטרונקען? אונד
ער האט אָבער געטהון משפט אונד
צדקה, דענסטמאל איז איהם גוט
געגאַנגען:
16 ער האט געמשפט דעם דין פאַר
דעם אָרעמען אונד בעדערפטיגען,
דענסטמאל איז עס געוועזען גוט! איז
עס ניט דיא ערקענונג פון מיר?
זאָגט דער האר:
17 וואָרין דיינע אויגען אונד דיין
הארץ זענען נאר געריכטעט אויף דיין
געווין (געלד), אונד אויף דאס אונ־
שולדיגען בלוט, עס צו פערגיסען,
אונד אויף בעדריקונג, אונד אויף
געוואַלדטהאַט צו טהון:
18 דאַרום אַזוי זאָגט דער האר אויף
יהויקים, דעם זוהן פון יואשיהו, דער
קעניג פון יהודה, מען וועט ניט
קלאָגען וועגען איהם, ווייא מיין
ברודער, אונד ווייא מיינע שוועסטער,
מען וועט איהם ניט בעקלאָגען, אוי
ווייא האר, אָדער ווייא איז צו זיינע
שיינקייט (מאַיעסטעט):
19 גלייך וויא דאס בעגרעבעניס פון
איין אייזעל וועט ער בעגראָבען ווערען,
געשלעפט אונד פערוואָרפען ווייט פון
דיא טויערען פון ירושלים:
20 גייא אַרויף אויף דעם לבנון, אונד
שרייא, אונד אין בשן גיב אַרויס דיין
קול, אונד שרייא פון עברים, דאס
עס זענען צובראָכען געוואָרען אַלע
דיינע ליבהאָבער:
21 איך האב צו דיר גערעדט אין
דיינע רוהיגקייטען, (אָבער) דוא האסט
געזאָגט איך וויל ניט הערען! דאס
איז דיין וועג פון דיינע יוגענד אָן,
וואָרין דוא האסט ניט צוגעהערט צו
מיין קול:
22 אַלע דיינע פּאַסטוכער וועט דער
ווינד פיטערן, אונד דיינע ליבהאָבער
וועלען גיין אין געפאַנגענשאַפט, וואָרין
דענסטמאל וועסט דוא צו שאַנד
ווערען, אונד דוא וועסט דיך שעמען
וועגען אַלע דיינע שלעכטיגקייט:
23 דוא איינוואוינערין אויף דעם
לבנון, דוא מאַכסט דיין נעסט אין
צעדערן, וויא אַזוי וועסט דוא זיין צו
מיטליידען, ווען וויטאָגען וועלען צו
דיר קומען, ציטערנים וויא פון איינע
געווינערין:
24 אַזוי וואָהר וויא איך לעב, זאָגט
דער האר, דאס ווען כניהו דער זוהן
פון יהויקים, דער קעניג פון יהודה
זאָל זיין וויא איין זיגעלרינג אַן מיינע
רעכטע האנד, דאך פון דאָרטען וועל
איך דיך אויך אַוועקרייסען:
25 אונד איך וועל דיך געבען אין
דיא האנד פון דיא וואָס בעגעהרען
דיינע זעעלע, אונד אין דיא האנד פון
דיא פאַר וועלכע דוא האסט פורכט,
אונד אין דיא האנד פון נבוכדראצר
דעם קעניג פון בבל, אונד אין דיא
האנד פון דיא כשדים:
26 אונד איך וועל דיך פערוואַרפען,
אונד דיינע מוטער וואָס האט דיך
געבוירען, אין איין אַנדער לאַנד, וואו


איהר

אִיהְר זֶענְט דָארְטֶען נִיט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָואָרֶען, אוּנְד דָארְטֶען וֶועט אִיהְר שְׁטַארְבֶּען׃

27 אוּנְד אִיבֶּער דֶעם לַאנְד אוֹיף וֶועלְכֶעס זַייא דֶערְהֵייבֶּען זֵייעֶרֶע זֶעעֶלֶע (וְואוּנְשׁ) כְּדֵי זִיךְ דָארְטֶען צוּרִיק צוּ קֶעהְרֶען, דָארְטֶען וֶועלֶען זַייא נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען׃

28 אִיז דֶען דֶער דָאזִיגֶער מַאן כָּנְיָהוּ (יְהוֹיָכִין) אֵיין אוּמְרֵיינִיגֶעס גֶעצֶענְבִּילְד, אֵיין צוּבְּרָאכֶענֶע זַאךְ? אָדֶער אֵיין כְּלִי וָואס קֵיינֶער בֶּעגֶעהְרְט אִיהְם נִיט, וַוארוּם אִיז עֶר אוּנְד זֵיינֶע זָאמֶען (קִינְדֶער) אַוֶועקְגֶעטְרָאגֶען אוּנְד אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען גֶעוָואָרֶען, אִין דָאס לַאנְד וֶועלְכֶעס זַייא קֶענֶען נִיט?

29 אוֹי לַאנְד, לַאנְד, לַאנְד! הֶער צוּ דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר׃

30 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, שְׁרֵייבְּט אֵיין דֶעם דָאזִיגֶען מַאן אַלְס אָהְן קִינְדֶער, אַלְס אֵיין מַאן וָואס בֶּעגְלִיקְט נִיט אִין זֵיינֶע טֶעג, וָוארִין עֶס וֶועט קֵיינֶעם פוּן זֵיינֶע קִינְדֶער נִיט גְלִיקֶען, דָאס עֶר זָאל זִיצֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן דָוִד אַז עֶר זָאל ווִידֶער רֶעגִירֶען אִין יְהוּדָה׃

קאפיטעל כג

1 אוֹי ווֵייא! פַּאסְטוּכֶער מַאכֶען פֶערְלִירֶען אוּנְד פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען דִיא שָׁאף פוּן מֵיין פִּיטֶערוּנְג, זָאגְט דֶער הַאר׃

2 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אוֹיף דִיא פַּאסְטוּכֶער וָואס פִּיטֶערְן מֵיין פָאלְק, אִיהְר הָאט צוּשְׁפְּרֵייט מֵיינֶע שָׁאף אוּנְד אִיהְר הָאט זַייא פֶערְשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד אִיהְר הָאט וֶועגֶען זַייא נִיט גֶעדֶענְקְט! זֶעה, אִיךְ בֶּעשְׁטְרָאף אֵייךְ פַאר אֵיירֶע שְׁלֶעכְטֶע וֶוערְק, זָאגְט דֶער הַאר׃

3 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּרִיק אֵיינְזַאמֶעלְן דָאס אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן מֵיינֶע שָׁאף, פוּן אַלֶע לֶענְדֶער וְואוּ אִיךְ הָאבּ זַייא פֶערְשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען צוּ זֵייעֶרֶע וְואוֹינוּנְגֶען (ווֵיידֶע־פְּלֶעצֶער), אוּנְד זַייא וֶועלֶען זַיין פְּרוּכְטְבַּאר אוּנְד זַייא וֶועלֶען זִיךְ פֶערְמֶעהְרֶען׃

4 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּער זַייא אוֹיפְשְׁטֶעלֶען פַּאסְטוּכֶער, אוּנְד זַייא וֶועלֶען זַייא פִּיטֶערְן, אוּנְד זַייא וֶועלֶען נִיט מֶעהְר קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען קֵיין אַנְגְסְט נִיט הָאבֶּען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען מֶעהְר נִיט גֶעפֶעהְלְט וֶוערֶען, זָאגְט דֶער הַאר׃

5 זֶעה, טֶעג קוּמֶען, זָאגְט דֶער הַאר, דָאס אִיךְ וֶועל אוֹיפְשְׁטֶעלֶען צוּ דָוִד אֵיינֶע גֶערֶעכְטֶע שְׁפְּרָאצוּנְג, אוּנְד עֶר וֶועט רֶעגִירֶען אַלְס קֶענִיג, אוּנְד עֶר וֶועט קְלוּג הַאנְדְלֶען, אוּנְד עֶר וֶועט טְהוּן מִשְׁפָּט אוּנְד צְדָקָה אִין דֶעם לַאנְד׃

6 אִין זֵיינֶע טֶעג וֶועט יְהוּדָה גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען, אוּנְד יִשְׂרָאֵל וֶועט וְואוֹינֶען אִין זִיכֶערְהֵייט, אוּנְד דָאס אִיז זֵיין נָאמֶען, וָואס מֶען וֶועט אִיהְם רוּפֶען, יְהֹוָה אוּנְזֶערֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃

7 וָוארִין זֶעה, טֶעג קוּמֶען אָן, זָאגְט דֶער הַאר, דָאס מֶען וֶועט נִיט מֶעהְר זָאגֶען, אַזוֹי וָואהְר ווִיא דֶער הַאר לֶעבְּט, וָואס עֶר הָאט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם׃

8 נֵייעֶרְט, אַזוֹי וָואהְר ווִיא דֶער הַאר לֶעבְּט, וָואס עֶר הָאט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוּנְד וָואס עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט דִיא


קינדער

קִינְדֶער פוּן דֶעם הויזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל,
פוּן דֶעם לַאנְד פוּן צָפוֹן־זַייט, אוּנְד
פוּן אַלֶע לֶענְדֶער, וְואוּ אַהִין אִיךְ הָאבּ
זֵייא פֶערשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
וְואוֹינֶען אוֹיף זֵייעֶר אֵייגֶען לַאנְד:
9 וֶועגֶען דִיא נְבִיאִים אִיז מֵיין הַארְץ
גֶעבְּרָאכֶען אִין מִיר, אַלֶע מֵיינֶע בֵּיינֶער
צִיטֶערְן (אָדֶער שְׁוֶועבֶּען אַוֶועק), אִיךְ
בִּין גֶעוָוארֶען וִויא אֵיין בֶּעטְרוּנְקֶענֶער
(שִׁכּוֹר) מַאן, אוּנְד וִויא אֵיין מַאן וָואס
דֶער וַויין הָאט אִיהְם בֵּייגֶעקוּמֶען, פוּן
וֶועגֶען דֶעם הַאר, אוּנְד פוּן וֶועגֶען
זֵיינֶע הֵיילִיגֶע וֶוערְטֶער:
10 וָוארִין פוּן זְנוּת טְרֵייבֶּער אִיז דָאס
לַאנְד פוּל גֶעוָוארֶען, וָוארִין פוּן וֶועגֶען
דֶעם פְלוּךְ אִיז דָאס לַאנְד פֶערְדָארְבֶּען
גֶעוָוארֶען, דִיא וֵויידֶע־פְּלֶעצֶער פוּן
דֶער מִדְבָּר זֶענֶען אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְט
גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייעֶר לוֹיפֶען אִיז
שְׁלֶעכְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע קְרֶעפְטֶען
זֶענֶען נִיט רֶעכְט:
11 וָוארִין אַזוֹי וְואוֹיל וִויא דֶער נָבִיא
אַזוֹי אוֹיךְ דֶער כֹּהֵן זֶענֶען פַאלְשׁ
(שְׁמֵייכְלֶער), אוֹיךְ אִין מֵיין הוֹיז הָאבּ
אִיךְ גֶעפוּנֶען זֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט,
זָאגְט דֶער הַאר:
12 דַארוּם זָאל זֵייעֶר וֶועג צוּ זֵייא
זַיין וִויא גְלִיטְשִׁיגֶע עֶרְטֶער אִין דֶער
פִינְסְטֶערְנִיס, זֵייא זָאלֶען גֶעשְׁטוֹיסֶען
וֶוערֶען אוּנְד דַארִינֶען פַאלֶען, וָוארִין
אִיךְ וֶועל אוֹיף זֵייא בְּרֶענְגֶען שְׁלֶעכְטֶעס,
דָאס יָאהְר פוּן זֵייעֶרֶע בֶּעשְׁטְרָאפוּנְג,
זָאגְט דֶער הַאר:
13 אוּנְד אוּנְטֶער דִיא נְבִיאִים פוּן
שֹׁמְרוֹן הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען לֶעסְטֶערוּנְג,
זֵייא הָאבֶּען נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט דוּרְךְ
דֶעם בַּעַל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְ־
פִיהְרְט מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל:
14 אוּנְד אוּנְטֶער דִיא נְבִיאִים פוּן
יְרוּשָׁלַיִם הָאבּ אִיךְ שְׁרֶעקְלִיכֶעס גֶעְ־
זֶעהֶען, עֶהֶעבְּרֶעכֶען (זְנוּת), אוּנְד
מִיט פַאלְשְׁקֵייט אוּמְגֵיין, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעשְׁטַארְקְט דִיא הֶענְד פוּן דִיא
וָואס טְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס, דָאס יֶעדֶער
מַאן זָאל זִיךְ נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען פוּן
זֵיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, זֵייא זֶענֶען מִיר
אַלֶע גֶעוָוארֶען וִויא סְדוֹם, אוּנְד אִיהְרֶע
אֵיינְוְואוֹינֶער גְלֵייךְ וִויא עֲמוֹרָה:
15 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
צְבָאוֹת, וֶועגֶען דִיא נְבִיאִים, וֶועה, אִיךְ
מַאךְ זֵייא עֶסֶען וֶוערְמוּטְה, אוּנְד גֶעבּ
זֵייא צוּ טְרִינְקֶען גַאל־וַואסֶער, וָוארִין
פוּן דִיא נְבִיאִים פוּן יְרוּשָׁלַיִם אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען שְׁמֵייכְלֶערַייא (חֲנוּפָּה)
אִיבֶּער דָאס גַאנְצֶע לַאנְד:
16 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
אִיהְר זָאלְט נִיט הֶערֶען אוֹיף דִיא
וֶוערְטֶער פוּן דִיא נְבִיאִים, וָואס זָאגֶען
צוּ אֵייךְ נְבִיאוֹת! זֵייא מַאכֶען אֵייךְ
נַארִישׁ, דָאס זֶעהוּנְג פוּן זֵייעֶר הַארְץ
רֶעדֶען זֵייא, אָבֶּער נִיט פוּן דֶעם מוֹיל
פוּן דֶעם הַאר:
17 זֵייא זָאגֶען אִימֶער צוּ מֵיינֶע
דֶערְצֶערְנֶער, דֶער הַאר הָאט גֶערֶעט,
עֶס וֶועט צוּ אֵייךְ זַיין שָׁלוֹם, אוּנְד צוּ
אַלֶע, דִיא וָואס גֵייעֶן אַרוּם מִיט דִיא
גֶעדַאנְקֶען פוּן זֵייעֶר הַארְץ, זָאגֶען
זֵייא, עֶס וֶועט קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס אִיבֶּער
אֵייךְ נִיט קוּמֶען:
18 וָוארִין וֶוער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין
דֶעם סוֹד פוּן דֶעם הַאר, דָאס עֶר
זָאל זֶעהֶען אוּנְד הֶערֶען זַיין וָוארְט?
וֶוער הָאט פֶערְנוּמֶען זַיין וָוארְט, אוּנְד
הָאט עֶס גֶעהֶערְט?

19 זָעה, אַיין שְׁטוּרֶעמְווִינְד פוּן דֶעם
הַאר, אַיין גְרִימְצָארְן אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד אַיין הֶעפְטִיגֶער שְׁטוּרֶעמְווִינְד,
אויף דִיא קֶעפּ פוּן דִיא רְשָׁעִים וֶועט
עֶר פַאלֶען:
20 עֶס וֶועט זִיךְ נִיט אוּמְקֶעהְרֶען
דֶער צָארְן פוּן דֶעם הַאר בִּיז דָאס עֶר
וֶועט טְהוּן אוּנְד אויפְשְׁטֶעלֶען דִיא
גֶעדַאנְקֶען (פְּלֶענֶער) פוּן זַיין הַארְץ,
אַם עֶנְדֶע פוּן דִיא טֶעג וֶועט אִיהְר
עֶס גֶעווִיס פֶערְשְׁטֵיין:
21 אִיךְ הָאבּ דִיא נְבִיאִים נִיט גֶעשִׁיקְט,
דָאךְ זֶענֶען זַייא גֶעלָאפֶען, אִיךְ הָאבּ
צוּ זַייא נִיט גֶערֶעט, דָאךְ הָאבֶּען זַייא
נְבִיאוּת גֶעזָאגְט:
22 אוּנְד וֶוען זַייא וָואלְטֶען גֶעשְׁטַאנֶען
אִין מַיין רַאטְה, אוּנְד וָואלְטֶען מַיין
וָוארְט גֶעלָאזְט הֶערֶען צוּ מַיין פָאלְק,
אַזוֹי וָואלְטֶען זַייא זַייא צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט
פוּן זַייעֶר שְׁלֶעכְטֶען וֶועג, אוּנְד פוּן
זַייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים:
23 בִּין אִיךְ דֶען אַיין גָאט פוּן נָאהֶענְט,
זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד נִיט אַיין גָאט
פוּן ווַייטֶען?
24 וֶוען אַיין מַאן זָאל זִיךְ פֶערְבָּארְגֶען
אִין פֶערְבָּארְגֶענֶע עֶרְטֶער, וֶועל אִיךְ
אִיהְם דֶען נִיט זֶעהֶען? זָאגְט דֶער
הַאר, דֶערְפִּיל אִיךְ דֶען נִיט דִיא הִימֶעל
אוּנְד דִיא עֶרְד? זָאגְט דֶער הַאר:
25 אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דָאס וָואס דִיא
נְבִיאִים הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶועלְכֶע הָאבֶּען
אִין מַיין נָאמֶען פַאלְשׁ נְבִיאוּת גֶעזָאגְט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ גֶע־
חָלוֹם'ט:
26 בִּיז ווִיא לַאנְג? זָאל עֶס דֶען זַיין
אִין דִיא הֶערְצֶער פוּן דִיא נְבִיאִים
וָואס זַייא זָאגֶען פַאלְשׁ נְבִיאוּת, (דָאס
זַייא זָאלֶען אויסְזָעהֶען) ווִיא נְבִיאִים
פוּן בֶּעטְרוּג פוּן זַייעֶר אֵייגֶענֶעם
הַארְץ?
27 וָואס זַייא טְרַאכְטֶען צוּ מַאכֶען
מַיין פָאלְק פֶערְגֶעסֶען מַיין נָאמֶען
דוּרְךְ זַייעֶרֶע חֲלוֹמוֹת, וָואס זַייא דֶערְ־
צֵיילֶען אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן, אַזוֹי
ווִיא זַייעֶרֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען פֶערְגֶעסֶען
מַיין נָאמֶען דוּרְךְ דֶעם בַּעַל:
28 דֶער נָבִיא וָואס אִיז בֶּייא אִיהְם
אַיין חָלוֹם, לָאז עֶר דֶעם חָלוֹם
דֶערְצֵיילֶען, אוּנְד בֶּייא וֶועלְכֶען מַיין
וָוארְט אִיז, דֶער זָאל מַיין אֱמֶת'ן
וָוארְט דֶערְצֵיילֶען, וָואס הָאט זִיךְ
שְׁטְרוֹי מִיט קָארְן צוּ מִישֶׁען? זָאגְט
דֶער הַאר:
29 אִיז דֶען נִיט מַיין וָוארְט אַזוֹי ווִיא
פַייעֶר? זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד אַזוֹי
ווִיא דֶער הַאמֶער וָואס צוּבְּרֶעקֶעלְט דֶעם
פֶעלְזֶען?
30 דַארוּם זָעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיא
נְבִיאִים, זָאגְט דֶער הַאר, וָואס גַנְבְ'נֶען
מַיינֶע ווֶערְטֶער אֵיינֶער פוּן דֶעם
אַנְדֶערְן:
31 זָעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיא נְבִיאִים,
זָאגְט דֶער הַאר, וָואס בְּרוֹיכֶען זַייעֶרֶע
צוּנְג, אוּנְד זַייא רֶעדֶען (נָאמֶעס) רֵייד:
32 זָעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיא וָואס
זָאגֶען נְבִיאוֹת פַאלְשֶׁע חֲלוֹמוֹת, זָאגְט
דֶער הַאר, אוּנְד זַייא דֶערְצֵיילֶען זַייא,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען פֶערְאִירְט מַיין פָאלְק
דוּרְךְ זַייעֶרֶע לִיגֶען אוּנְד דוּרְךְ זַייעֶרֶע
לֵייכְטזִינִיגְקֵייט, חָאטְשֶׁע אִיךְ הָאבּ זַייא
נִיט גֶעשִׁיקְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא נִיט
גֶעבָּאטֶען, אוּנְד זַייא קֶענֶען דָאס
דָאזִיגֶע פָאלְק גָאר נִיט הֶעלְפֶען, זָאגְט
דֶער הַאר:

33 אָבֶּער װֶען דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק
װֶעט דִיךְ פְרֶעגֶען, אָדֶער דֶער נָבִיא
אָדֶער אֵיין כֹּהֵן, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, װָאס
אִיז דִיא לַאסְט (נְבִיאוּת) פוּן דֶעם
הַאר ? אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא זָאגֶען,
דָאס אִיז דִיא לַאסְט, אִיךְ װֶעל אֵייךְ
פֶערשְׁטוֹיסֶען, זָאגְט דֶער הַאר :
34 אוּנְד דֶער נָבִיא אוּנְד דֶער כֹּהֵן,
אָדֶער דָאס פָאלְק, װָאס זֵייא זָאגֶען,
לַאסְט פוּן דֶעם הַאר ! אַזוֹי װֶעל אִיךְ
יֶענֶעם מַאן בֶּעשְׁטְרָאפֶען אוּנְד זֵיין
הױזְגֶעזִינְד :
35 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר זָאגֶען, אֵיין מַאן
צוּ דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד אֵיין מַאן צוּ
זֵיין בְּרוּדֶער, װָאס הָאט דֶער הַאר
גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד װָאס הָאט דֶער
הַאר גֶערֶעט ?
36 אָבֶּער דִיא לַאסְט פוּן דֶעם הַאר,
זָאלְט אִיהְר נִיט מֶעהְר דֶערְמָאנֶען,
װָארִין דִיא לַאסְט װֶעט זֵיין צוּ אַ
מֶענְשׁ פַאר זֵיין אֵייגֶענֶעם װָארְט,
װָארִין אִיהְר הָאט פֶערְקֶעהְרְט דִיא
װֶערְטֶער פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט,
פוּן דֶעם הַאר צְבָאוֹת אוּנְזֶער גָאט :
37 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זָאגֶען צוּ דֶעם
נָבִיא, װָאס הָאט דִיר דֶער הַאר גֶע־
עֶנְטְפֶערְט, אוּנְד װָאס הָאט דֶער הַאר
גֶערֶעט ?
38 אָבֶּער װֶען אִיהְר װֶעט נָאךְ פוּן
דֶער לַאסְט פוּן דֶעם הַאר רֶעדֶען,
דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, װײל
אִיהְר זָאגְט דָאס דָאזִיגֶע װָארְט, לַאסְט
פוּן דֶעם הַאר ! אוּנְד אִיךְ הָאבּ (דָאךְ)
צוּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דָאס
אִיהְר זָאלְט נִיט זָאגֶען לַאסְט פוּן דֶעם
הַאר :
39 דַארוּם זֶעה, אִיךְ װֶעל אֵייךְ אִים
גַאנְצֶען אַװֶעקְטְרָאגֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל
אֵייךְ פֶערְשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד דִיא שְׁטָאט,
װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען צוּ אֵייעֶרֶע
עֶלְטֶערְן, פוּן מֵיין אָנְגֶעזִיכְט :
40 אוּנְד אִיךְ װֶעל גֶעבֶּען אוֹיף אֵייךְ
אַן אֵייבִּיגֶע שַׁאנְדֶה, אוּנְד אַן אֵייבִּיגֶע
שְׁמַאךְ, װָאס עֶס װֶעט נִיט פֶערְגֶעסֶען
װֶערֶען :

## קאפיטעל כד

1 דֶער הַאר הָאט מִיר גֶעװִיזֶען, אוּנְד
זֶעה, צְװֵייא קֶערְבּ מִיט פֵייגֶען זֶענֶען
גֶעשְׁטֶעלְט פַאר דֶעם טֶעמְפֶּעל (בֵּית
הַמִקְדָשׁ) פוּן דֶעם הַאר, נָאכְדֶעם דָאס
נְבוּכַדְרֶאצַר, דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל, הָאט
פֶערטְרִיבֶּען יְכָנְיָהוּ, דֶעם זוּהְן פוּן
יְהוֹיָקִים, דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אוּנְד
דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן יְהוּדָה, אוּנְד דִיא
מֵייסְטֶערְס אוּנְד דִיא שְׁלָאסֶערְס פוּן
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאט זֵייא גֶעבְּרַאכְט
נָאךְ בָּבֶל :
2 דֶער אֵיינֶער קָארְבּ אִיז גֶעװֶעזֶען
מִיט גוּטֶע פֵייגֶען, אַזוֹי װִיא דִיא פְּרִיה־
צֵייטִיגֶע פֵייגֶען, אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער
קָארְבּ אִיז גֶעװֶעזֶען מִיט זֶעהְר שְׁלֶעכְטֶע
פֵייגֶען, װָאס זֵייא קֶענֶען נִיט גֶעגֶעסֶען
װֶערֶען פַאר שְׁלֶעכְטִקֵייט :
3 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר גֶע־
זָאגְט, װָאס זֶעהְסְט דוּא, יִרְמְיָהוּ ? אוּנְד
אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, פֵייגֶען, דִיא גוּטֶע
פֵייגֶען זֶענֶען זֶעהְר גוּט, אוּנְד דִיא
שְׁלֶעכְטֶע זֶענֶען זֶעהְר שְׁלֶעכְט, װָאס
זֵייא קֶענֶען נִיט גֶעגֶעסֶען װֶערֶען פַאר
שְׁלֶעכְטִקֵייט :
4 אוּנְד דָאס װָארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעװֶעזֶען צוּ מִיר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
5 אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר, דֶער
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי װִיא דִיא דָאזִיגֶע

גוּטֶע פֵייגֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דֶערקֶענֶען
דִיא פֶערטְרִיבֶּענֶע פוּן יְהוּדָה, וֶועלְכֶע
אִיךְ הָאבּ אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט פוּן דֶעם
דָאזִיגֶען אָרְט אִין דְעם לַאנְד פוּן דִיא
כַּשְׂדִים, צוּ זֵייעֶר גוּטֶען:
6 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּער זֵייא טְהוּן
מַיין אוֹיג צוּ דֶעם גוּטֶען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל זֵייא צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דֶעם
דָאזִיגֶען לַאנְד, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא
אוֹיפְבּוֹיעֶן, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא נִיט אָפּ־
בְּרֶעכֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא פְּלַאנְצֶען,
אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא נִיט אוֹיסְרֵייסֶען:
7 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ זֵייא גֶעבֶּען אַיין
הַארְץ, דָאס זֵייא וֶועלֶען מִיךְ דֶערקֶענֶען
דָאס אִיךְ בִּין דֶער הַאר, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען זַיין מַיין פָאלְק, אוּנְד אִיךְ וֶועל
זַיין זֵייעֶר גָאט, וֶוען זֵייא וֶועלֶען זִיךְ
צוּ מִיר בֶּעקֶעהְרֶען מִיט דֶעם גַאנְצֶען
הַארְץ:
8 אָבֶּער וִויא דִיא שְׁלֶעכְטֶע פֵייגֶען,
וָואס קֶענֶען נִיט גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען וֶועגֶען
שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט—אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
גָאט, אַזוֹי וֶועל אִיךְ מַאכֶען צִדְקִיָהוּ,
דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אוּנְד זַיינֶע
פִירְשְׁטֶען אוּנְד דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע
פוּן יְרוּשָׁלַיִם, וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְ־
גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד,
אוּנְד דִיא וָואס וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם:
9 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ
אַ צִיטֶערְנִיס, צוּ אַ שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט צוּ
אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶען פוּן דֶער עֶרְד, צוּ אַ
שַׁאנְד אוּנְד צוּ אַ שְׁפְּרִיכְ־וָוארְט (מָשָׁל),
צוּ שִׁימְף אוּנְד צוּ פְלוּךְ, אִין אַלֶע
עֶרְטֶער וְואוּ אַהִין אִיךְ וֶועל זֵייא
פֶערשְׁטוֹיסֶען:
10 אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיף זֵייא אָנְשִׁיקֶען
דָאס שְׁוֶוערְד, דֶעם הוּנְגֶער אוּנְד דִיא
פֶּעסְט, בִּיז זֵייא וֶועלֶען פֶערְטִילְגְט
וֶוערֶען פוּן דֶעם לַאנְד, וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייא, אוּנְד צוּ זֵייעֶרֶע
עֶלְטֶערְן:

## קאפיטעל כה

1 דָאס אִיז דָאס וָוארְט, וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ אִיבֶּער דָאס גַאנְצֶע
פָאלְק פוּן יְהוּדָה, אִין דֶעם פִירְטֶען
יָאהְר צוּ יְהוֹיָקִים דֶעם זוּהְן פוּן יאשִׁיָהוּ
דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, דָאס אִיז גֶע־
וֶועזֶען דָאס עֶרְשְׁטֶע יָאהְר צוּ נְבוּכַדְרֶאצַר,
דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל:
2 וָואס יִרְמְיָהוּ דֶער נָבִיא הָאט גֶערֶעט
צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק פוּן יְהוּדָה,
אוּנְד צוּ אַלֶע אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
3 פוּן דֶעם דְרֵייצֶעהְנְטֶען יָאהְר פוּן
יאשִׁיָהוּ, דֶעם זוּהְן פוּן אָמוֹן, דֶער
קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אוּנְד בִּיז אוֹיף דֶעם
דָאזִיגֶען טָאג, שׁוֹין דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיג
יָאהְר, אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וָוארְט פוּן
דֶעם הַאר צוּ מִיר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ
אֵייךְ גֶערֶעט, יֶעדֶען פְרִיה־מָארְגֶען
הָאבּ אִיךְ גֶערֶעט, אָבֶּער אִיהְר הָאט
נִיט גֶעהֶערְט:
4 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ אֵייךְ גֶע־
שִׁיקְט אַלֶע זַיינֶע קְנֶעכְט, דִיא נְבִיאִים,
אוּנְד עֶר הָאט יֶעדֶען פְרִיה־מָארְגֶען
גֶעשִׁיקְט, אָבֶּער אִיהְר הָאט נִיט גֶע־
הֶערְט, אוּנְד אִיהְר הָאט אוֹיךְ נִיט
גֶענֵייגְט אֵייעֶרֶע אוֹירֶען כְּדֵי צוּ הֶערֶען:
5 אַזוֹי צוּ זָאגֶען, קֶעהְרְט דָאךְ צוּרִיק,
יֶעדֶער מֶענְשׁ פוּן זַיין שְׁלֶעכְטֶען וֶועג,
אוּנְד פוּן דִיא שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט פוּן אֵייעֶרֶע
וֶוערְק, אַזוֹי וֶועט אִיהְר וְואוֹינֶען בְּלֵייבֶּען
אוֹיף דֶעם לַאנְד, וָואס דֶער הַאר הָאט

גֶעגֶעבֶּען צוּ אִיךְ אוּנְד צוּ אֵייעֶרֶע
עֶלְטֶערְן, פוּן אֵייבִּיג בִּיז אֵייבִּיג:
6 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט נָאכְגֵיין
אַנְדֶערֶע גֶעטֶער זַייא צוּ דִינֶען, אוּנְד
אֵייךְ צוּ זַייא צוּ בִּיקֶען, אוּנְד אִיהְר
זָאלְט מִיךְ נִיט דֶערְצֶערְנֶען דוּרְךְ דִיא
וֶוערְק פוּן אֵייעֶרֶע הֶענְד, אַזוֹי וֶועל אִיךְ
אֵייךְ קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס נִיט טְהוּן:
7 אָבֶּער אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט צוּ־
גֶעהֶערְט, זָאגְט דֶער הַאר, כְּדֵי מִיךְ צוּ
דֶערְצֶערְנֶען דוּרְךְ דִיא וֶוערְק פוּן
אֵייעֶרֶע הֶענְד, צוּ אֵייעֶרֶען אֵייגֶענֶעם
שָׁאדֶען:
8 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
ווייל אִיהְר הָאט נִיט גֶעהֶערְט מֵיינֶע
וֶוערְטֶער:
9 זֶעה, אַזוֹי שִׁיק אִיךְ אוּנְד אִיךְ וֶועל
נֶעמֶען אַלֶע מִשְׁפָּחוֹת פוּן צָפוֹן־זַייט,
זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד אוֹיךְ צוּ
נְבוּכַדְרֶאצַר, דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל,
מֵיין קְנֶעכְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא
בְּרֶענְגֶען אוֹיף דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד,
אוּנְד אוֹיף אִיהְרֶע אֵיינְוואוֹינֶער, אוּנְד
אוֹיף אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער פוּן
אַרוּם, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא פֶערְווִיסְטֶען
(מַחֲרִים זַיין) אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא
מַאכֶען צוּ דֶעם עֶרְשְׁטוֹינֶען אוּנְד צוּ
דֶעם גֶעשְׁפֶּעט אוּנְד צוּ אֵייגֶע
אֵייבִּיגֶע וִויסְטֶענִישׁ:
10 אוּנְד אִיךְ וֶועל פוּן זַייא מַאכֶען
פֶערְלִירֶען, דָאס קוֹל פוּן פְרֵייד אוּנְד
דָאס קוֹל פוּן פְרֵיילִיכְקֵייט, דָאס קוֹל
פוּן דֶעם חָתָן, אוּנְד דָאס קוֹל פוּן
דֶער כַּלָּה, דָאס קוֹל פוּן אַ מִיהְל,
אוּנְד דִיא לִיכְטִיגְקֵייט פוּן אַ לָאמְפּ:
11 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע גַאנְצֶע לַאנְד
וֶועט זַיין צוּ צוּשְׁטֶערוּנְג אוּנְד צוּ
עֶרְשְׁטוֹינוּנְג (אָדֶער פֶערְווִיסְטוּנְג), אוּנְד
דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער וֶועלֶען דִינֶען
דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל זִיבֶּעצִיג יָאהְר:
12 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, אַז עֶס וֶועט
פוּל וֶוערֶען זִיבֶּעצִיג יָאהְר, אַזוֹי וֶועל
אִיךְ בֶּעשְׁטְרָאפֶען דֶעם קֶענִיג
פוּן בָּבֶל אוּנְד יֶענֶעם פָאלְק,
זָאגְט דֶער הַאר, וֶועגֶען זֵייעֶר שוּלְד,
אוּנְד אוֹיךְ דָאס לַאנְד כַּשְׂדִים;
אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם מַאכֶען צוּ אֵייגֶע
אֵייבִּיגֶע וִויסְטֶענִישׁ:
13 אוּנְד אִיךְ וֶועל בְּרֶענְגֶען אוֹיף
יֶענֶעם לַאנְד אַלֶע מֵיינֶע וֶוערְטֶער,
וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיף אִיהְר גֶערֶעט,
אַלֶעס וָואס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם
דָאזִיגֶען בּוּךְ, וָואס יִרְמְיָהוּ הָאט
נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט אִיבֶּער אַלֶע פֶעלְקֶער:
14 ווָארִין אוֹיךְ מִיט זַייא וֶועלֶען
דִינֶען פִיל פֶעלְקֶער, אוּנְד גְרוֹיסֶע
קֶענִיגֶע, אוּנְד אַזוֹי וֶועל אִיךְ זַייא
בֶּעצָאלֶען נָאךְ זֵיירֶע וֶוערְק אוּנְד נָאךְ
דֶעם טְהוּן פוּן זֵיירֶע הֶענְד:
15 ווָארִין אַזוֹי הָאט דֶער הַאר, דֶער
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
נֶעם דֶעם דָאזִיגֶען בֶּעכֶער ווַיין פוּן
דֶעם גְרִימְצָארְן פוּן מֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד
מַאךְ טְרִינְקֶען פוּן אִיהְר דִיא אַלֶע
פֶעלְקֶער וָואס אִיךְ שִׁיק דִיךְ צְווִישֶׁען זַייא:
16 אוּנְד זַייא וֶועלֶען טְרִינְקֶען, אוּנְד
וֶועלֶען טוּמֶעלְן אוּנְד אוּנְזִינִיג זַיין,
וֶועגֶען דֶעם שְׁוֶוערְד וָואס אִיךְ שִׁיק
צְווִישֶׁען זַייא:
17 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען דֶעם
בֶּעכֶער פוּן דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט טְרִינְקֶען דִיא
אַלֶע פֶעלְקֶער, וָואס דֶער הַאר הָאט
מִיךְ צוּ זַייא גֶעשִׁיקְט:

18 יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דִיא שְׁטֶעט פוּן
יְהוּדָה, אוּנְד אִיהְרֶע קֶענִיגֶע אוּנְד
אִיהְרֶע פִירְשְׁטֶען, זַייא צוּ גֶעבֶּען צוּ
צוּשְׁטֶערוּנְג, צוּ פֶערְווִיסְטוּנְג (עֶרְד־
שְׁטוּינֶען) צוּ דֶעם גֶעשְׁפָּאט (צִישֶׁען,
פַּייפֶען) אוּנְד צוּ אַ פְלוּךְ, אַזוֹי ווִיא
דֶער דָאזִיגֶער טָאג:
19 פַּרְעוֹה דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם,
אוּנְד זַיינֶע קְנֶעכְט אוּנְד זַיינֶע פִירְשְׁ־
טֶען אוּנְד זַיין גַאנְצֶעם פָאלְק:
20 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע גֶעמִישְׁטֶע (פָאלְק)
אוּנְד אַלֶע קֶענִיגֶע פוּן דֶעם לַאנְד עוּץ,
אוּנְד אַלֶע קֶענִיגֶע פוּן דֶעם לַאנְד
פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד אַשְׁקְלוֹן אוּנְד עַזָּה
אוּנְד עֶקְרוֹן, אוּנְד דָאס אִיבֶּערְגֶע־
בְּלִיבֶּענֶע פוּן אַשְׁדּוֹד:
21 אוּנְד אֱדוֹם אוּנְד מוֹאָב אוּנְד דִיא
קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן:
22 אוּנְד אַלֶע קֶענִיגֶע פוּן צוֹר, אוּנְד
אַלֶע קֶענִיגֶע פוּן צִידוֹן; אוּנְד אַלֶע
קֶענִיגֶע פוּן דִיא אִינְזֶעלְן, ווֶעלְכֶע זֶענֶען
אַן יֶענֶער זַייט פוּן דֶעם יַם:
23 דֶעם דְדָן אוּנְד תֵּימָא אוּנְד בּוּז,
אוּנְד אַלֶע דִיא מִיט דִיא אָפְּגֶעשְׁנִיטֶענֶע
הָאאָרֶעקֶען (פֵּאוֹת):
24 אוּנְד אַלֶע קֶענִיגֶע פוּן אַרַאבִּיעֶן,
אוּנְד אַלֶע קֶענִיגֶע פוּן דֶעם גֶעמִישְׁטֶען
(פָאלְק), דִיא וָואס וְואוֹינֶען אִין דֶער
מִדְבָּר:
25 אוּנְד אַלֶע קֶענִיגֶע פוּן זִמְרִי, אוּנְד
אַלֶע קֶענִיגֶע פוּן עֵילָם אוּנְד אַלֶע
קֶענִיגֶע פוּן מָדַי:
26 אוּנְד אַלֶע קֶענִיגֶע פוּן צָפוֹן־זַייט,
דִיא נָאהֶענְטֶע אוּנְד דִיא ווַייטֶע, אֵיינֶער
צוּ דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד אַלֶע קֶענִיגְרַייכֶען
פוּן דֶער עֶרְד ווֶעלְכֶע זֶענֶען אוֹיף
דָאס אָבֶּערְפְלֶעכֶע (אָנְגֶעזִיכְט) פוּן דֶער
עֶרְד, אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן שֵׁשַׁךְ (בָּבֶל)
זָאל טְרִינְקֶען נָאךְ זַייא:
27 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זַייא זָאגֶען,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, טְרִינְקְט אוּנְד ווֶערְט
בֶּעטְרוּנְקֶען (שִׁכּוֹר) אוּנְד דַאן ווֶעט
אִיהְר אוֹיסְשְׁפֵּייעֶן אוּנְד אִיהְר ווֶעט
פַאלֶען אוּנְד אִיהְר ווֶעט מֶעהְר נִיט
אוֹיפְשְׁטֵיין, פוּן ווֶעגֶען דֶעם שְׁווֶערְד
וָואס אִיךְ שִׁיק צְווִישֶׁען אֵייךְ:
28 אוּנְד עֶס ווֶעט זַיין, ווֶען זַייא
ווֶעלֶען נִיט ווֶעלֶען אָנְגֶעמֶען דֶעם
בֶּעכֶער פוּן דַיינֶע הַאנְד כְּדֵי צוּ
טְרִינְקֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ זַייא
זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
אִיהְר ווֶעט עֶס גֶעווִיס טְרִינְקֶען!
29 וָוארִין זֶעה, אִין דֶער שְׁטָאט אוֹיף
ווֶעלְכֶע מֵיין נָאמֶען אִיז גֶערוּפֶען, הֵייבּ
אִיךְ אָן שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן, אוּנְד זָאלְט
אִיהְר אוּנְבֶּעשְׁטְרָאפְט בְּלֵייבֶּען? אִיהְר
ווֶעט נִיט אוּנְבֶּעשְׁטְרָאפְט בְּלֵייבֶּען,
וָוארִין אִיךְ רוּף אֵיין שְׁווֶערְד אוֹיף אַלֶע
אֵיינְווָאוֹינֶער פוּן דֶער עֶרְד, זָאגְט דֶער
הַאר צְבָאוֹת:
30 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זַייא נְבִיאוּת
זָאגֶען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע ווֶערְטֶער, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט צוּ זַייא זָאגֶען, דֶער הַאר
בְּרִימְט (שְׁרֵייט) פוּן דֶער הֵייךְ, אוּנְד
פוּן זַיינֶע הֵיילִיגֶע וְואוֹינוּנְג גִיבְּט עֶר
זַיין קוֹל, יָא עֶר בְּרִימְט קֶעגֶען זַיין
ווַיידֶע־פְּלַאץ, הֵידָד! אַזוֹי ווִיא דִיא
טְרוֹיבֶּענְטְרֶעטֶער שְׁרֵייט עֶר צוּ אַלֶע
אֵיינְווָאוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד:
31 עֶס קוּמְט אֵיין גֶעטִימֶעל בִּיז צוּם
עֶנְד פוּן דֶער עֶרְד, וָוארִין עֶס אִיז
אֵיין שְׁטְרֵייט (קְרִיג) פוּן דֶעם הַאר
מִיט דִיא פֶעלְקֶער, עֶר מִשְׁפֶּט אַלֶע

לייבּער (פליישׁ), דיא רשׁעים גיבּט ער
איבּער צו דעם שׁווערד, זאָגט דער
האר:
32 אַזוי זאָגט דער האר צבאות, זעה,
שׁלעכטעס גייט אַרויס פון איין פאָלק
צו דעם אַנדערן פאָלק, אונד איין
גרויסער שׁטורמווינד דערוועקט זיך
פון דיא עקען פון דער ערד:
33 אונד עס וועלען זיין דיא דערד־
שׁלאָגענע פון דעם האר אין יענעם
טאָג, פון איין עק פון דער ערד ביז
צו דעם אַנדערן עק פון דער ערד,
מען וועט זייא ניט בּעקלאָגען, אונד
זייא וועלען ניט פערזאַמעלט ווערען,
אונד זייא וועלען ניט בּעגראָבּען
ווערען, צו מיסט אויף דעם אָנגעזיכט
פון דער ערד וועלען זייא זיין:
34 קלאָגט איהר פּאַסטוכער אונד
שׁרייט, אונד קייקעלט זיך איהר
שׁטאַרקע פון דיא שׁאף, וואָרין אייערע
טעג זענען דערפילט געוואָרען צו דעם
שׁעכטען, אונד איך וועל אייך פער־
שׁפּרייטען, אונד איהר וועט פאַלען
וויא איינע גלוסטיגע כּלי:
35 אונד עס וועט פערלוירען ווערען
איינע ענטרינונג פון דיא פּאַסטוכער
אונד איינע ענטרינונג פון דיא שׁטאַרקע
פון דיא שׁאף:
36 איין קול פון געשׁרייא פון דיא
פּאַסטוכער וועט גערערט, אונד דאָס
קלאָגען פון דיא שׁטאַרקע פון דיא
שׁאף, וואָרין דער האר צושׁטערט זייער
פּיטערונג (ווייד):
37 אונד עס וועלען שׁטיל (אָדער
וויסט) ווערען דיא ווייד־פּלעצער
פון שׁלום (פריד), וועגען דעם גרימ־
צאָרן פון דעם האר:

38 ער האָט פערלאָזען וויא איין קייב
זיין בּיידעל, וואָרין זייער לאַנד איז
געוואָרען צו וויסט, וועגען דעם צאָרן
פון בּעצוואינגונג, אונד פון וועגען זיין
גרימצאָרן:

## קאפּיטעל כו

1 אים אָנפאַנג פון דיא רעגירונג פון
יהויקים, דער זוהן פון יאשיהו, דער
קעניג פון יהודה, איז געוועזען דאָס
דאָזיגע וואָרט פון דעם האר, אַזוי צו
זאָגען:
2 אַזוי זאָגט דער האר, שׁטעל דיך
אין דעם הויף פון דעם הויז פון דעם
האר, אונד דוא זאָלסט רעדען איבּער
אַלע שׁטעט פון יהודה, דיא וואָס
קומען זיך צו בּיקען אין דעם הויז פון
דעם האר, אַלע דיא ווערטער, וואָס
איך האָב דיר געבּאָטען צו זייא צו
רעדען, דוא זאָלסט ניט מינערן קיין
וואָרט:
3 טאָמער וועלען זייא הערען, אונד
זייא וועלען צוריקקעהרען, יעדער
מענש פון זיין שׁלעכטען וועג, דאָמאָלס
וועל איך מיך בּערעניקען וועגען דאָס
שׁלעכטעס וואָס איך טראַכט צו טהון,
פאר זייערע שׁלעכטע מעשׂים:
4 אונד דוא זאָלסט צו זייא זאָגען,
אַזוי זאָגט דער האר, אויבּ איהר וועט
מיך ניט צוהערען, כּדי צו גיין אין
מיינע תורה, וואָס איך האָבּ פאר אייך
געגעבּען:
5 צו הערען דיא ווערטער פון מיינע
קנעכט, דיא נביאים, וואָס איך שׁיק
צו אייך, אונד איך האָבּ געשׁיקט
יעדען פריה־מאָרגען, אָבּער איהר
האָט ניט געהערט:
6 אַזוי וועל איך מאַכען דאָס דאָזיגע

הויז וויא שלוה, אונד דיא דאזיגע
שטאט וועל איך געבען פאר א פלוך
צו אלע פעלקער פון דער ערד:
7 אונד דיא כהנים אונד דיא נביאים
אונד דאס גאנצע פאלק האבען גע־
הערט, דאס ירמיהו האט גערעט דיא
דאזיגע ווערטער אין דעם הויז פון
דעם הארן:
8 אונד עס איז געוועזען ווען ירמיהו
האט אויפגעהערט צו רעדען, אלעס
וואס דער הארר האט איהם געבאטען
צו רעדען צו דעם גאנצען פאלק;
אזוי האבען איהם דיא כהנים אונד
דיא נביאים אונד דאס גאנצע פאלק
אנגענומען אונד האבען געזאגט, דוא
מוסט שטארבען:
9 ווארום זאגסט דוא נביאות אין
דעם נאמען פון דעם הארן, אזוי צו
זאגען, גלייך וויא שלוה וועט זיין דאס
דאזיגע הויז, אונד דיא דאזיגע שטאט
וועט פערוויסט ווערען אונד וועט זיין
אהן איינוואוינער. אונד דאס גאנצע
פאלק האט זיך פערזאמעלט צו ירמיהו
אין דעם הויז פון דעם הארן:
10 אונד דיא פירשטען פון יהודה
האבען געהערט דיא דאזיגע ווערטער,
אונד זייא זענען ארויפגעגאנגען פון
דעם הויז פון דעם קעניג אין דעם
הויז פון דעם הארן, אונד זייא האבען
זיך אנידערגעזעצט אין דעם אריינגאנג
פון דעם נייעם טויער פון דעם הארן:
11 אונד דיא כהנים אונד דיא נביאים
האבען געזאגט צו דיא פירשטען אונד
צו דעם גאנצען פאלק, אזוי צו זאגען,
איין משפט פון טויט קומט דעם דאזיגען
מאן, ווארין ער האט נביאות געזאגט
אויף דיא דאזיגע שטאט אזוי וויא
איהר האט געהערט מיט אייערע
אויערען:
12 אזוי האט ירמיהו געזאגט צו אלע
פירשטען אונד צו דעם גאנצען פאלק,
אזוי צו זאגען; דער הארר האט מיך
געשיקט נביאות צו זאגען אויף דעם
דאזיגען הויז אונד אויף דיא דאזיגע
שטאט, דיא אלע ווערטער וואס איהר
האט געהערט:
13 אונד אצונד בעסערט אויס אייערע
וועגען אונד אייערע ווערק, אונד הערט
צו צו דעם קול פון דעם הארן, אייער
גאט, אזוי וועט דער הארר זיך בעד־
רענקען (חרטה האבען) וועגען דאס
שלעכטע וואס ער האט גערעט
איבער אייך:
14 אבער איך, זעהט, איך בין אין
אייערע הענד, טהוט צו מיר וויא עס
איז גוט אונד רעכטפארטיג אין אייערע
אויגען:
15 אבער איהר זאלט זיכער וויסען,
דאס ווען איהר וועט מיך טייטען, אזוי
וועט איהר אינשולדיגעס בלוט ברענגען
איבער אייך אונד איבער דיא דאזיגע
שטאט אונד איבער איהרע איינוואוינער,
ווארין אין אמת'ן האט מיך דער הארר
צו אייך געשיקט, כדי צו רעדען אין
אייערע אויערען אלע דיא דאזיגע
ווערטער:
16 אונד דיא פירשטען אונד דאס
גאנצע פאלק האבען געזאגט צו דיא
כהנים אונד צו דיא נביאים, עס קומט
ניט קיין טויט־משפט צו דעם דאזיגען
מאן, ווארין אין דעם נאמען פון דעם
הארר, אונזער גאט, האט ער צו אונס
גערעט:
17 אונד עס זענען אויפגעשטאנען

מענשען

מענשען פון דיא עלטסטע פון דעם
לאנד, אונד זייא האבען געזאגט צו
דער גאנצען פערזאמלונג פון דעם
פאלק, אזוי צו זאגען:
18 מיכה דער מורשתי האט נביאות
געזאגט אין דיא טעג פון חזקיהו, דעם
קעניג פון יהודה, אונד ער האט
געזאגט צו דעם גאנצען פאלק פון
יהודה, אזוי צו זאגען, אזוי האט דער
האר צבאות געזאגט, ציון וועט וויא
איין פעלד געאקערט ווערען, אונד
ירושלים וועט צו שטיינער־בערגלעך
ווערען, אונד דער בארג פון דעם הויז
(וועט ווערען) צו בערגלעך פון א
וואלד:
19 האט איהם דען חזקיהו, דער
קעניג פון יהודה, אונד גאנץ יהודה
געטייט? האט ער דען ניט מורא
געהאט פאר דעם האר, אונד ער האט
געבעטען פאר דעם האר? אונד אזוי
האט דער האר זיך בעדענקט וועגען
דאס שלעכטע וואס ער האט קעגען
זייא גערעט, אונד זאלען מיר זאלבעם
גרויסע שלעכטעס אויף אונזערע איי־
גענע זעלען ברענגען?
20 אונד עס איז אויך געוועזען נאך
איין מאן וואס האט נביאות געזאגט
אין דעם נאמען פון דעם האר, אוריהו,
דער זוהן פון שמעיהו, פון קרית
יערים, אונד ער האט נביאות געזאגט
קעגען דיא דאזיגע שטאט, אונד קעגען
דאס דאזיגע לאנד, אזוי וויא אלע
ווערטער פון ירמיהו:
21 אונד דער קעניג יהויקים אונד
אלע זיינע שטארקע העלדען אונד
אלע פירשטען האבען געהערט זיינע
ווערטער, אזוי האט דער קעניג בעגעהרט
איהם צו טייטען, אונד ווען אוריהו
האט עס געהערט אזוי האט ער מורא
געהאט, אונד ער איז אנטלאפען אונד
איז געקומען נאך מצרים:
22 אונד דער קעניג יהויקים האט
געשיקט מענשען נאך מצרים, דעם
אלנתן, דער זוהן פון עכבור, אונד
נאך (אנדערע) מענשען מיט איהם
נאך מצרים:
23 אונד זייא האבען ארויסגעפיהרט
דעם אוריהו פון מצרים, אונד זייא
האבען איהם געבראכט צו דעם קעניג
יהויקים, אונד ער האט איהם דער־
שלאגען מיט דעם שווערד, אונד ער
האט זיין טויטען קערפער געווארפען
אין דיא קברים פון דיא קינדער פון
דעם פאלק:
24 אבער דיא האנד פון אחיקם,
דעם זוהן פון שפן, איז געוועזען מיט
ירמיהו, דאס מען זאל איהם ניט
איבערגעבען אין דיא האנד פון דעם
פאלק, כדי איהם צו טייטען:

## קאפיטעל כז

1 אין דעם אנפאנג פון דער רעגירונג
פון יהויקים, דער זוהן פון יאשיהו,
דער קעניג פון יהודה, איז געוועזען
דאס דאזיגע ווארט פון דעם האר צו
ירמיהו, אזוי צו זאגען:
2 אזוי האט דער האר צו מיר גע־
זאגט, מאך דיר שטריק אונד שטאנגען,
אונד דוא זאלסט זייא געבען (לייגען)
אויף דיין האלז:
3 אונד דוא זאלסט זייא שיקען צו
דעם קעניג פון אדום אונד צו דעם
קעניג פון מואב, אונד צו דעם קעניג
פון דיא קינדער פון עמון, אונד צו
דעם קעניג פון צור, אונד צו דעם

קעניג פון צידון דורך דיא האנד פון
דיא שלוחים וואס קומען נאך ירושלים
צו צדקיהו דעם קעניג פון יהודה:
4 אונד דוא זאלסט זייא געביטען צו
זייערע הארען, אזוי צו זאגען, אזוי
זאגט דער האר צבאות, דער גאט פון
ישראל, אזוי זאלט איהר זאגען צו
אייערע הארען:
5 איך האב געמאכט דיא ערד, דיא
מענשען אונד דיא בהמות, וואס זענען
אויף דעם אנגעזיכט פון דער ערד,
מיט מיין גרויסען כח, אונד מיט מיין
אויסגעשטרעקטען ארעם, אונד איך
האב זייא געגעבען צו וועמען עס איז
געפאלען געוועזען אין מיינע אויגען:
6 אונד אצונד האב איך געגעבען
אלע דיא לאנדער אין דער
האנד פון נבוכדנאצר, דעם קעניג פון
בבל, מיין קנעכט, אונד אויך דיא
חיות פון דעם פעלד האב איך איהם
געגעבען, איהם צו דינען:
7 אונד עס וועלען איהם דינען אלע
פעלקער, אונד זיין זוהן, אונד זיין
זוהן'ס זוהן, ביז עס וועט קומען דיא
צייט פון זיין אייגענעם לאנד, אונד
עס וועלען איהם דינען פיל פעלקער
אונד גרויסע קעניגע:
8 אונד עס וועט זיין, אז דאס פאלק
אונד דאס קעניגרייך וואס וועלען
איהם ניט דינען,—דעם נבוכדנאצר,
דעם קעניג פון בבל, אונד דער וואס
וועט ניט געבען זיין האלז אין דעם
יאך פון דעם קעניג פון בבל, מיט
דעם שווערד אונד מיט הונגער אונד
מיט מארד (פעסט) וועל איך בע־
שטראפען יענעם פאלק, זאגט דער
האר, ביז איך וועל זייא פערלענדען

דורך זיינע האנד:
9 אונד איהר זאלט ניט הערען צו
אייערע נביאים, אונד צו אייערע וואהר־
זאגער, אונד צו אייערע טרוימער
(חלום־זאגער), אונד צו אייערע צייכען־
דייטער, אונד צו אייערע מכשפים,
דיא וואס זאגען צו אייך אזוי צו זאגען,
איהר זאלט ניט דינען דעם קעניג פון
בבל:
10 ווארין זייא זאגען פאלשע נביאות
צו אייך, כדי אייך צו דערווייטערן
פון אייער לאנד, דאס איך זאל אייך
פערשטויסען אונד איהר וועט פער־
לוירען ווערען:
11 אונד דאס פאלק וואס וועט
ברענגען זיין האלז אין דעם יאך פון
דעם קעניג פון בבל, אונד ער וועט
איהם דינען, אזוי וועל איך איהם
לאזען רוהען אויף זיין לאנד, זאגט
דער האר, דאס ער זאל עס בע־
ארבעטען אונד דארין וואוינען:
12 אונד צו צדקיהו, דעם קעניג פון
יהודה, האב איך גערעט נאך אלע
דיא דאזיגע ווערטער, אזוי צו זאגען,
ברענגט אייערע העלזער אין דעם יאך
פון דעם קעניג פון בבל, אונד דינט
איהם אונד זיין פאלק, אזוי וועט איהר
בלייבען לעבען:
13 ווארום זאלט איהר שטארבען דוא
אונד דיין פאלק, דורך דעם שווערד
אונד דורך דעם הונגער אונד דורך
א מארד (פעסט) אזוי וויא דער האר
האט גערעט וועגען דעם פאלק, וואס
וועט ניט וועלען דינען דעם קעניג פון
בבל:
14 אונד איהר זאלט ניט צוהערען
צו דיא ווערטער פון דיא נביאים, דיא

וָואס זָאגֶען צוּ אֵייךְ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
אִיהְר זָאלְט נִיט דִינֶען דֶעם קֶענִיג פוּן
בָּבֶל,—וָוארִין זֵייא זָאגֶען צוּ אֵייךְ פַאלְשֶׁע
נְבִיאוּת:
15 וָוארִין אִיךְ הָאבּ זֵייא נִיט גֶעשִׁיקְט,
זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד זֵייא זָאגֶען
פַאלְשֶׁע נְבִיאוּת אִין מַיין נָאמֶען, כְּדֵי
אִיךְ זָאל אֵייךְ פֶערשְׁטוֹיסֶען אוּנְד אִיהְר
וֶועט פֶערלוֹירֶען וֶוערֶען, אִיהְר, אוּנְד
אוֹיךְ דִיא נְבִיאִים וָואס זָאגֶען צוּ אֵייךְ
נְבִיאוּת:
16 אוּנְד צוּ דִיא כֹּהֲנִים, אוּנְד צוּ
דֶעם דָאזִיגֶען גַאנְצֶען פָאלְק, הָאבּ אִיךְ
גֶערֶעט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט
דֶער הַאר, אִיהְר זָאלְט נִיט צוּהֶערֶען
צוּ דִיא וֶוערְטֶער פוּן אֵיירֶע נְבִיאִים
וָואס זָאגֶען צוּ אֵייךְ נְבִיאוּת אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, זֶעה, דִיא כֵּלִים פוּן דֶעם הוֹיז
פוּן דֶעם הַאר, וֶועלֶען אַצוּנְד גֶעשְׁוִוינְד
צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען, וָוארִין זֵייא
זָאגֶען פַאלְשֶׁע נְבִיאוּת צוּ אֵייךְ:
17 אִיהְר זָאלְט זֵייא נִיט צוּהֶערֶען,
דִינְט דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אַזוֹי וֶועט
אִיהְר בְּלֵייבֶּען לֶעבֶּען; וַוארוּם זָאל
דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט וִויסְט וֶוערֶען?
18 אוֹיבּ זֵייא זֶענֶען אִין אֶמֶת'ן נְבִיאִים,
אוּנְד וֶוען דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז בֵּייא זֵייא, אַזוֹי זָאלֶען זֵייא פַאר
אִיךְ בֶּעטֶען בֵּייא דֶעם הַאר צְבָאוֹת,
דָאס דִיא כֵּלִים (גֶעפֶּעס) וָואס זֶענֶען
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶעם הוֹיז פוּן
דֶעם הַאר, אוּנְד אִין דֶעם הוֹיז פוּן
דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אוּנְד אִין
יְרוּשָׁלַיִם זָאלֶען נִיט קוּמֶען נָאךְ בָּבֶל:
19 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט
צְבָאוֹת, וֶועגֶען דִיא זֵיילֶען, אוּנְד וֶועגֶען
דֶעם קוּפֶּערְנֶעם יַם אוּנְד וֶועגֶען
דִיא גֶעשְׁטֶעלֶען אוּנְד וֶועגֶען דָאס
אִיבֶּערִיגֶע גֶעפֶּעס וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְ־
גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶער דָאזִיגֶער שְׁטָאט:
20 וָואס נְבוּכַדְנֶאצַר, דֶער קֶענִיג פוּן
בָּבֶל, הָאט נִיט צוּגֶענוּמֶען, וֶוען עֶר
הָאט פֶערטְרִיבֶּען יְכָנְיָה, דֶעם זוּהְן פוּן
יְהוֹיָקִים, דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, פוּן
יְרוּשָׁלַיִם נָאךְ בָּבֶל, אוּנְד אַלֶע פְרֵייעֶ
הַארֶען פוּן יְהוּדָה אוּנְד פוּן יְרוּשָׁלַיִם:
21 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, וֶועגֶען דִיא כֵּלִים
וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶעם
הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אִין דֶעם
הוֹיז פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אוּנְד
אִין יְרוּשָׁלַיִם:
22 נָאךְ בָּבֶל וֶועלֶען זֵייא גֶעבְּרַאכְט
וֶוערֶען, אוּנְד דָארְטֶען וֶועלֶען זֵייא זֵיין
בִּיז אַן דֶעם טָאג, דָאס אִיךְ וֶועל אַן
זֵייא גֶעדֶענְקֶען, זָאגְט דֶער הַאר,
דַאמָאלְס וֶועל אִיךְ זֵייא אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען
אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען צוּ
דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט:

## קאפיטעל כח

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין יֶענֶעם
יָאהְר, אִין דֶעם אָנְפַאנְג פוּן דִיא רֶעגִ־
ירוּנְג פוּן צִדְקִיָהוּ, דֶעם קֶענִיג פוּן
יְהוּדָה, אִין דֶעם פִירְטֶען יָאהְר, אִין
דֶעם פִינְפְטֶען חוֹדֶשׁ, הָאט צוּ מִיר
גֶעזָאגְט חֲנַנְיָה דֶער זוּהְן פוּן עַזּוּר,
דֶער נָבִיא, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן
גִבְעוֹן אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר
פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא כֹּהֲנִים, אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיךְ
הָאבּ צוּבְּרָאכֶען דָאס יָאךְ פוּן דֶעם
קֶענִיג פוּן בָּבֶל:

3 נָאךְ אִין צְוֵוייא יָאהְר אַרוּם, בְּרֶענְג
אִיךְ צוּרִיק צוּ דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט אַלֶע
כֵּלִים פוּן דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר,
וָואס נְבוּכַדְנֶאצַר, דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל,
הָאט צוּגֶענוּמֶען פוּן דֶעם דָאזִיגֶען
אָרְט, אוּנְד הָאט זֵייא גֶעבְּרַאכְט נָאךְ
בָּבֶל:
4 אוּנְד יְכָנְיָה, דֶעם זוּהְן פוּן יְהוֹיָקִים
דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אוּנְד דִיא אַלֶע
פֶערטְרִיבֶּענֶע פוּן יְהוּדָה, וָואס זָענֶען
גֶעקוּמֶען נָאךְ בָּבֶל, בְּרֶענְג אִיךְ צוּרִיק
צוּ דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, זָאגְט דֶער
הַאר, וָוארִין אִיךְ וֶועל צוּבְּרֶעכֶען דָאס
יָאךְ פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל:
5 אוּנְד יִרְמְיָהוּ דֶער נָבִיא הָאט גֶע־
זָאגְט צוּ דֶעם נָבִיא חֲנַנְיָה; פַאר דִיא
אוֹיגֶען פוּן דִיא כֹּהֲנִים, אוּנְד פַאר דִיא
אוֹיגֶען פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, וֶועלְכֶע
זָענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם הויז פוּן
דֶעם הַאר:
6 אוּנְד יִרְמְיָהוּ דֶער נָבִיא הָאט גֶע־
זָאגְט, אָמֵן! אַזוֹי זָאל דֶער הַאר טְהוּן,
דֶער הַאר זָאל בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען דֵיינֶע
וֶוערְטֶער וָואס דוּא הָאסְט נְבִיאוּת
גֶעזָאגְט, דָאס מֶען וֶועט צוּרִיקבְּרֶענְגֶען
דִיא כֵּלִים פוּן דֶעם הויז פוּן דֶעם
הַאר, אוּנְד אַלֶע דִיא פֶערטְרִיבֶּענֶע פוּן
בָּבֶל צוּ דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט:
7 אָבֶּער הֶער דָאךְ צוּ דָאס דָאזִיגֶע
וָוארְט, וָואס אִיךְ רֶעד אִין דֵיינֶע
אוֹירֶען, אוּנְד אִין דִיא אוֹירֶען פוּן דֶעם
גַאנְצֶען פָאלְק:
8 דִיא נְבִיאִים וָואס זָענֶען גֶעוֶועזֶען
פַאר מִיר אוּנְד פַאר דִיר פוּן דִיא
אַלְטֶע צֵייטֶען, אוֹיךְ זֵייא הָאבֶּען נְבִיאוּת
גֶעזָאגְט אִיבֶּער פִיל לֶענְדֶער אוּנְד
אִיבֶּער גְרוֹיסֶע קֶענִיגְרֵייכֶען, צוּ מִלְחָמָה
אוּנְד צוּ אוּמְגְלִיק אוּנְד צוּ מָארְד:
9 דֶער נָבִיא וָואס זָאגְט נְבִיאוּת פוּן
פְרִידֶען (שָׁלוֹם), אוּנְד וֶוען דָאס וָוארְט
פוּן דֶעם נָבִיא קוּמְט, אַזוֹי וֶוערְט דֶער
נָבִיא דֶערְקֶענְט דָאס דֶער הַאר הָאט
אִיהְם אִין אֶמֶת'ן גֶעשִׁיקְט:
10 אַזוֹי הָאט חֲנַנְיָה דֶער נָבִיא גֶע־
נוּמֶען דִיא שְׁטַאנְג פוּן דֶעם הַאלְז פוּן
דֶעם נָבִיא יִרְמְיָה אוּנְד הָאט זִיא
צוּבְּרָאכֶען:
11 אוּנְד חֲנַנְיָה הָאט גֶעזָאגְט פַאר
דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר,
גְרָאד אַזוֹי וֶועל אִיךְ צוּבְּרֶעכֶען דָאס
יָאךְ פוּן נְבוּכַדְנֶאצַר דֶעם קֶענִיג פוּן
בָּבֶל, נָאךְ אִין צְוֵוייא יָאהְר אַרוּם, פוּן
דֶעם הַאלְז פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער; אוּנְד
יִרְמְיָהוּ דֶער נָבִיא אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
צוּ זַיין וֶועג:
12 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ, נָאךְ דֶעם
וִויא חֲנַנְיָה דֶער נָבִיא הָאט צוּבְּרָאכֶען
דִיא שְׁטַאנְג פוּן דֶעם הַאלְז פוּן דֶעם
נָבִיא יִרְמְיָהוּ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
13 גֵייא אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ
חֲנַנְיָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער
הַאר, הָאלְצֶערְנֶע שְׁטַאנְגֶען הָאסְט דוּא
צוּבְּרָאכֶען, אָבֶּער דוּא וֶועסְט אַנְשְׁטָאט
זֵייא מַאכֶען אֵייזֶערְנֶע שְׁטַאנְגֶען:
14 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אַיין אֵייזֶערְנֶעס
יָאךְ הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען אוֹיף דֶעם
הַאלְז פוּן אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער,
כְּדֵי צוּ דִינֶען נְבוּכַדְנֶאצַר דֶעם קֶענִיג
פוּן בָּבֶל, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אִיהְם מוּזֶען
דִינֶען, אוּנְד אוֹיךְ דִיא חַיּוֹת פוּן דֶעם
פֶעלְד הָאבּ אִיךְ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען:

15 אוּנְד יִרְמְיָהוּ דֶער נָבִיא הָאט
גֶעזָאגְט צוּ דֶעם נָבִיא חֲנַנְיָה, הֶער
דָאךְ צוּ חֲנַנְיָה, דֶער הַאר הָאט דִיךְ
נִיט גֶעשִׁיקְט, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶע־
מַאכְט פֶערְזִיכֶערְן דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק
אוֹיף פַאלְשְׁקַייט:
16 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר,
זֶעה, אִיךְ שִׁיק דִיךְ אַוֶעק פוּן דֶעם
אַנְגֶעזִיכְט (אוֹיבֶערפְלֶעכֶע) פוּן דֶער
עֶרְד, דָאס דָאזִיגֶע יָאהְר זָאלְסְט דוּא
שְׁטַארְבֶּען, וָוארִין דוּא הָאסְט גֶערֶעט
ווידֶערְשְׁפֶּענְסְטִיגְקַייט קֶעגֶען דֶעם הַאר:
17 אוּנְד חֲנַנְיָה דֶער נָבִיא אִיז גֶע־
שְׁטָארְבֶּען אִין דֶעם זֶעלְבִּיגֶען יָאהְר,
אִין דֶעם זִיבֶּענְטֶען חוֹדֶשׁ:

קאפיטעל כט

1 אוּנְד דָאס זֶענֶען דִיא וָוערְטֶער פוּן
דֶעם בְּרִיף, וָואס דֶער נָבִיא יִרְמְיָהוּ
הָאט גֶעשִׁיקְט פוּן יְרוּשָׁלַיִם צוּ דִיא
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע עֶלְטֶסְטֶע פוּן דִיא
פֶערְטְרִיבֶּענֶע, אוּנְד צוּ דִיא כֹּהֲנִים
אוּנְד צוּ דִיא נְבִיאִים, אוּנְד צוּ דֶעם
גַאנְצֶען פָאלְק, וָואס נְבוּכַדְנֶאצַר הָאט
פֶערְטְרִיבֶּען פוּן יְרוּשָׁלַיִם נָאךְ בָּבֶל:
2 נָאךְ דֶעם וִויא יְכָנְיָה דֶער קֶענִיג
אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא קֶענִיגִין
אוּנְד דִיא הוֹיפְבֶּעדִינְטֶע, דִיא פִירְשְׁטֶען
פוּן יְהוּדָה אוּנְד פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
דִיא מַייסְטֶערְם (קִינְסְטְלֶער) אוּנְד דִיא
שְׁלָאסֶערְם פוּן יְרוּשָׁלַיִם:
3 דוּרְךְ אֶלְעָשָׂה, דֶעם זוּהְן פוּן שָׁפָן,
אוּנְד גְמַרְיָה, דֶעם זוּהְן פוּן חִלְקִיָה,
וָועלְכֶע צִדְקִיָהוּ דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה,
הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ נְבוּכַדְנֶאצַר, דֶעם
קֶענִיג פוּן בָּבֶל, נָאךְ בָּבֶל, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען:
4 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, צוּ דִיא אַלֶע פֶער־
טְרִיבֶּענֶע, וָועלְכֶע אִיךְ הָאבּ פֶערְטְרִיבֶּען
פוּן יְרוּשָׁלַיִם נָאךְ בָּבֶל:
5 בּוֹיעֶט הַייזֶער אוּנְד וְואוֹינְט אִין
זַייא, אוּנְד פְלַאנְצְט גֶערְטֶען אוּנְד
עֶסְט זַיירֶע פְרוּכְט:
6 נֶעמְט ווייבֶּער אוּנְד גֶעווינְט זִיהְן
אוּנְד טֶעכְטֶער, אוּנְד נֶעמְט ווייבֶּער צוּ
אֵיירֶע זִיהְן, אוּנְד אֵיירֶע טֶעכְטֶער
גִיבְּט צוּ מֶענֶער, דָאס זַייא זָאלֶען זִיהְן
אוּנְד טֶעכְטֶער גֶעווינֶען, אוּנְד פֶערְ־
מֶעהְרְט אַייךְ דָארְטֶען אוּנְד ווערְט
נִיט ווינְצִיגֶער:
7 אוּנְד פָארְשְׁט נָאךְ דֶעם שָׁלוֹם
(פְרִידֶען) פוּן דֶער שְׁטָאט, וְואוּ אַהִין
אִיךְ הָאבּ אַייךְ דַארְטֶען פֶערְטְרִיבֶּען,
אוּנְד בֶּעט פַאר אִיהְר צוּ דֶעם הַאר,
וָוארִין אִין אִיהְר שָׁלוֹם וֶועט צוּ אַייךְ
זַיין שָׁלוֹם:
8 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, לָאזֶען אֵיירֶע
נְבִיאִים וָואס זֶענֶען צְווִישֶׁען אַייךְ אוּנְד
אֵיירֶע וָואהְרזָאגֶער אַייךְ נִיט פֶערְ־
פִיהְרֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט צוּהֶערֶען
אֵיירֶע חֲלוֹמוֹת וָואס אִיהְר חָלוֹם'ט:
9 וָוארִין מִיט פַאלְשְׁקַייט זָאגֶען זַייא
צוּ אַייךְ נְבִיאוֹת אִין מֵיין נָאמֶען, אִיךְ
הָאבּ זַייא נִיט גֶעשִׁיקְט, זָאגְט דֶער
הַאר:
10 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, וָוען
עֶס וָועט דֶערְפִילְט וָוערֶען זִיבֶּעצִיג
יָאהְר צוּ בָּבֶל, אַזוֹי וָועל אִיךְ אַייךְ
גֶעדֶענְקֶען, אוּנְד אִיךְ וָועל אוֹיף אַייךְ
בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען מֵיין גוּטֶעס וָוארְט, אַייךְ
צוּרִיק צוּ קֶעהְרֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען
אָרְט:
11 וָוארִין אִיךְ ווייס דִיא גֶעדַאנְקֶען

וָועלְכֶע אִיךְ טְרַאכְט פִין אֵייךְ עֶרְעטְוֶועגֶען, זָאגְט דֶער הַאר, גֶעדַאנְקֶען פוּן שָׁלוֹם אוּנְד נִיט צוּ שְׁלֶעכְטֶעס, אֵייךְ צוּ גֶעבֶּען אֵיין צוּקוּנְפְט אוּנְד הָאפֶענוּנְג:

12 אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּ מִיר רוּפֶען אוּנְד אִיהְר זָאלְט גֵיין אוּנְד צוּ מִיר בֶּעטֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ הֶערֶען:

13 אוּנְד אִיהְר וֶועט מִיךְ זוּכֶען אוּנְד אִיהְר וֶועט מִיךְ גֶעפִינֶען; וֶוען אִיהְר וֶועט מִיךְ זוּכֶען מִיט אֵייעֶר גַאנְצֶען הַארְץ:

14 אַזוֹי וֶועל אִיךְ פוּן אֵייךְ גֶעפוּנֶען וֶוערֶען, זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּרִיקְקֶעהְרֶען אֵיירֶע גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ פֶערְזַאמְלֶען פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער אוּנְד פוּן אַלֶע עֶרְטֶער וְואוּ אַהִין אִיךְ הָאבּ אֵייךְ דָארְטֶען פֶערְשְׁטוֹיסֶען, זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דֶעם אָרְט פוּן וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ אֵייךְ פֶערְטְרִיבֶּען:

15 וֶוען אִיהְר זָאגְט, דֶער הַאר הָאט פַאר אוּנְס אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט נְבִיאִים אִין בָּבֶל:

16 אָבֶּער אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צוּ דֶעם קֶענִיג וָואס זִיצְט אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן דָוִד, אוּנְד צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק וָואס וְואוֹינְט אִין דֶער דָאזִיגֶער שְׁטָאט, אֵיירֶע בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען נִיט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען מִיט אֵייךְ אִין גָלוּת:

17 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, זֶעה, אִיךְ שִׁיק צְוִוישֶׁען זֵייא דָאס שְׁוֶוערְד, אוּנְד דֶעם הוּנְגֶער אוּנְד דֶעם מָארְד (פֶּעסְט), אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא גֶעבֶּען וְוִיא דִיא שְׁלֶעכְטֶע פֵייגֶען וֶועלְכֶע קֶענֶען נִיט גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען, וֶועגֶען שְׁלֶעכְטִקֵייט:

18 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא נָאכְיָאגֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד, מִיט הוּנְגֶער אוּנְד מִיט פֶּעסְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ צִיטֶערְנִישׁ פַאר אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶע פוּן דֶער עֶרְד, צוּ אַ פְלוּךְ אוּנְד צוּ עֶרְשְׁטוֹינֶען, אוּנְד צוּ שְׁפָּאט (צִישֶׁען) אוּנְד צוּ שַׁאנְד צְוִוישֶׁען אַלֶע פֶעלְקֶער, וְואוּ אִיךְ הָאבּ זֵייא פֶערְשְׁטוֹיסֶען:

19 וְוייל זֵייא הָאבֶּען נִיט צוּגֶעהֶערְט צוּ מֵיינֶע וֶוערְטֶער, זָאגְט דֶער הַאר, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ גֶעשִׁיקְט דוּרְךְ מֵיינֶע קְנֶעכְט, דִיא נְבִיאִים, וָואס אִיךְ הָאבּ יֶעדֶען פְרִיה־מָארְגֶען גֶעשִׁיקְט, אָבֶּער אִיהְר הָאט נִיט גֶעהָארְכְט, זָאגְט דֶער הַאר:

20 דַארוּם, הֶערְט דָאךְ דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, אִיהְר אַלֶע גֶעפַאנְגֶענֶע, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט פוּן יְרוּשָׁלַיִם נָאךְ בָּבֶל:

21 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, צוּ אַחְאָב דֶעם זוּהְן פוּן קוֹלָיָה, אוּנְד צוּ צִדְקִיָהוּ, דֶעם זוּהְן פוּן מַעֲשֵׂיָה, וָואס הָאבֶּען צוּ אֵייךְ נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט אִין מֵיין נָאמֶען; זֶעה, אִיךְ אִיבֶּערְגֶעבּ זֵייא אִין דִיא הַאנְד פוּן נְבוּכַדְנֶאצַר, דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אוּנְד עֶר וֶועט זֵייא דֶערְשְׁלָאגֶען פַאר אֵיירֶע אוֹיגֶען:

22 אוּנְד עֶס זָאל פוּן זֵייא גֶענוּמֶען וֶוערֶען אֵיין פְלוּךְ צוּ דֶער גַאנְצֶער פֶערְטְרֵייבּוּנְג פוּן יְהוּדָה וֶועלְכֶע זֶענֶען אִין בָּבֶל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער הַאר זָאל דִיךְ מַאכֶען אַזוֹי וְוִיא צִדְקִיָהוּ אוּנְד אַחְאָב, וֶועלְכֶע דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט זֵייא פֶערְבְּרֶענְט אִים פֵייעֶר:

23 ווייל זייא האבען געטהון שאלקד־
האפטיגקייט אין ישראל, אונד זייא
האבען זנות געטריבען מיט דיא ווייבער
פון זייערע פריינד (חברים), אונד
זייא האבען גערעט פאלשע ווערטער
אין מיין נאמען, וואס איך האב זייא
ניט געבאטען, אונד איך בין דער וואס
ווייסט אונד איך דער עדות (צייגע)
זאגט דער האר:
24 אונד וועגען שמעיהו, דעם נחלמי,
זאלסט דוא זאגען, אזוי צו זאגען:
25 אזוי זאגט דער האר צבאות, דער
גאט פון ישראל, אזוי צו זאגען, ווייל
דוא האסט געשיקט בריף אין דיין
נאמען צו דעם גאנצען פאלק, וואס
איז אין ירושלים, אונד צו צפניה,
דעם זוהן פון מעשיה דעם כהן, אונד
צו אלע כהנים, אזוי צו זאגען:
26 דער האר האט דיך געגעבען
(געמאכט) צו איין כהן אנשטאט
יהוידע דעם כהן, דאס עס זאל זיין
אויפזעהער אין דעם הויז פון דעם
האר איבער יעדעם מאן וואס איז
משוגע אונד זאגט נביאות, דאס דוא
זאלסט איהם אריינזעצען אין דעם
בלאק (אין קייטען איבער דעם האלז)
אונד אין דעם שטאק (קייטען איבער
דיא הענד):
27 אונד וארום האסט דוא ניט אנגע־
געשריגען אויף ירמיהו פון ענתות,
וואס זאגט צו אייך נביאות:
28 ווייל ער האט צו אונס געשיקט
נאך בבל, אזוי צו זאגען, (דאס גלות
איז נאך לאנג, בויעט הייזער אונד
וואונט אין זייא, אונד פלאנצט גערטען
אונד עסט זייערע פרוכט:
29 אונד צפניה דער כהן, האט גע־
לעזען דעם דאזיגען בריף אין דיא
אויערען פון ירמיהו דעם נביא:
30 אונד דאס ווארט פון דעם האר
איז געוועזען צו ירמיהו, אזוי צו זאגען:
31 שיק צו אלע פערטריבענע אזוי
צו זאגען, אזוי זאגט דער האר וועגען
שמעיה, דעם נחלמי, ווייל שמעיה
האט צו אייך נביאות געזאגט, אונד
איך האב איהם ניט געשיקט, אונד
ער האט אייך געמאכט פערטרויען
אויף פאלשקייט:
32 דארום אזוי זאגט דער האר, זעה,
איך בעשטראף דעם שמעיה פון נחלם,
אונד אויף זיינע זאמען (קינדער) עס
וועט צו איהם ניט זיין איין מאן וואס
זאל זיצען צווישען דעם דאזיגען פאלק,
אונד ער זאל ניט זעהען דאס גוטע
וואס איך וועל טהון צו מיין פאלק,
זאגט דער האר, ווארין ער האט גע־
רעט ווידערשפעניגקייט קעגען דעם
האר:

## קאפיטעל ל

1 דאס איז דאס ווארט וואס איז
געוועזען צו ירמיהו פון דעם האר,
אזוי צו זאגען:
2 אזוי זאגט דער האר, דער גאט פון
ישראל, אזוי צו זאגען, שרייב דיר
אלע דיא ווערטער, וואס איך האב צו
דיר גערעט, אין איין בוך:
3 ווארין זעה, עס קומען אן טעג,
זאגט דער האר, דאס איך וועל אומ־
קעהרען דיא געפאנגענשאפט פון מיין
פאלק ישראל אונד יהודה, זאגט דער
האר, אונד איך וועל זייא צוריקברענגען
צו דעם לאנד, וואס איך האב געגעבען
צו זייערע עלטערן, אונד זייא וועלען
עס ירשנ'ן:

4 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא װֶערְטֶער, װָאס דֶער הַאר הָאט גֶערֶעט צוּ יִשְׂרָאֵל אוּנְד צוּ יְהוּדָה:

5 װָארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, אֵיין קוֹל פוּן שְׁרֶעקֶענִיס הָאבֶּען מִיר גֶעהֶערְט, פָּארְכְט אוּנְד נִיט קֵיין שָׁלוֹם:

6 פְרֶעגְט דָאךְ נָאךְ אוּנְד זֶעהְט, אוֹיב אֵיין זָכָר גֶעבֶּערְט? װַארוּם זֶעה אִיךְ דָאס יֶעדֶער מַאן הַאלְט זֵיינֶע הֶענְד אוֹיף זֵיינֶע לֶענְדֶען, אַזוֹי װִיא אֵיינֶע גֶעװִינֶערִין (גֶעבֶּערֶערִין), אוּנְד אַלֶע (אָנְגֶעזִיכְטֶער) זֶענֶען פֶערְקֶעהְרְט גֶעװָארֶען צוּ בְּלַאסְהֵייט?

7 אוֹי װֵייא! װָארִין גְרוֹיס (שְׁרֶעקְלִיךְ) אִיז יֶענֶער טָאג, עֶס אִיז צוּ אִיהְם נִיט דָא קֵיין גְלֵייכֶענִיס, אוּנְד אֵיין צֵייט פוּן אַ בֶּעדְרֶענְגֶענִיס (צָרָה) אִיז דָאס פַאר יַעֲקֹב, אָבֶּער עֶר װֶעט פוּן אִיהְר גֶעהָאלְפֶען װֶערֶען:

8 אוּנְד עֶס װֶעט זַיין אִין יֶענֶעם טָאג, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, אַזוֹי װֶעל אִיךְ צוּבְּרֶעכֶען זֵיין יָאךְ פוּן דֵיין הַאלְז, אוּנְד דֵיינֶע שְׁטְרִיק װֶעל אִיךְ צוּרֵייסֶען, אוּנְד פְרֶעמְדֶע װֶעלֶען זִיךְ נִיט מֶעהְר מִיט אִיהְם בֶּעדִינֶען:

9 אוּנְד זֵייא װֶעלֶען דִינֶען דֶעם הַאר, זֵייעֶר גָאט, אוּנְד דָוִד זֵייעֶר קֶענִיג, װֶעלְכֶען אִיךְ װֶעל צוּ זֵייא אוֹיפְשְׁטֶעלֶען:

10 אוּנְד אַצוּנְד, זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט פָּארְכְטֶען, מֵיין קְנֶעכְט יַעֲקֹב, זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד דוּא יִשְׂרָאֵל הָאבּ נִיט קֵיין אַנְגְסְט, װָארִין זֶעה, אִיךְ װֶעל דִיר הֶעלְפֶען פוּן אֵיין װֵייטֶען אָרְט, אוּנְד דֵיינֶע זָאמֶען (קִינְדֶער) פוּן דֶעם לַאנְד פוּן זֵייעֶר גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט, אוּנְד יַעֲקֹב װֶעט זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען, אוּנְד עֶר װֶעט שְׁטִיל אוּנְד רוּהִיג זַיין, אוּנְד קֵיינֶער װֶעט אִיהְם נִיט דֶערְשְׁרֶעקֶען:

11 װָארִין אִיךְ בִּין מִיט דִיר, זָאגְט דֶער הַאר, כְּדֵי דִיר צוּ הֶעלְפֶען װָארִין אִיךְ װֶעל אִים גַאנְצֶען פֶערְלֶענְדֶען אַלֶע פֶעלְקֶער, אוּנְטֶער װֶעלְכֶע אִיךְ הָאבּ דִיךְ דָארְטֶען פֶערְשְׁפְּרֵייט, אָבֶּער פוּן דִיר װֶעל אִיךְ נִיט אֵיין עֶנְדֶע מַאכֶען, יָא אִיךְ װֶעל דִיךְ שְׁטְרָאפֶען נָאךְ רֶעכְט (מִשְׁפָּט) אָבֶּער אִיךְ װֶעל דִיךְ נִיט אִים גַאנְצֶען אוּנְשׁוּלְדִיג מַאכֶען:

12 װָארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֵיין בְּרָאךְ אִיז גֶעפֶעהְרְלִיךְ, דֵיינֶע װְאוּנְד אִיז שְׁמֶערְצְלִיךְ:

13 קֵיינֶער מִשְׁפָּט (אוּנְטֶערְזוּכְט) נִיט דֵיין דִין (דִיא אוּרְזַאךְ פוּן דִיא װְאוּנְד) כְּדֵי זִיא צוּ פֶערְבִּינְדֶען, אֵיין הֵיילְבַּארֶעס מִיטֶעל אִיז נִיט דָא פַאר דִיר:

14 אַלֶע דֵיינֶע לִיבְּהָאבֶּער הָאבֶּען דִיךְ פֶערְגֶעסֶען, זֵייא פָאְרְשֶׁען (זוּכֶען) דִיךְ נִיט, װָארִין מִיט דֶעם שְׁלַאק פוּן אֵיין פֵיינְד הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען, מִיט דִיא שְׁטְרָאף פוּן אֵיין אוּנְדֶערְבַּארֶעמְדִיגֶען (אַכְזָר), װֶעגֶען דֵיינֶע פִילֶע שׁוּלְד, דֵיינֶע זִינְד זֶענֶען שְׁטַארְק (פִיל):

15 װָאס שְׁרֵייסְט דוּא אִיבֶּער דֵיין בְּרָאךְ דָאס עֶס אִיז גֶעפֶעהְרְלִיךְ דֵיין װֵייטָאג? (דָאס אִיז) װֶעגֶען דֵיינֶע פִילֶע שׁוּלְד, דֵיינֶע זִינְד זֶענֶען שְׁטַארְק דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ דִיר דָאס גֶעטְהוּן:

16 דַארוּם, אַלֶע דִיא װָאס הָאבֶּען דִיךְ גֶעפְרֶעסֶען װֶעלֶען גֶעפְרֶעסֶען װֶערֶען, אוּנְד אַלֶע דֵיינֶע בֶּעדְרֶענְגֶער װֶעלֶען אַלֶע אִין גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט גֵיין, אוּנְד אַלֶע דֵיינֶע רוֹיבֶּער װֶעלֶען זֵיין צוּ רוֹיבּ, אוּנְד אַלֶע װָאס הָאבֶּען דִיךְ גֶעפְּלִינְדֶערְט, װֶעל אִיךְ גֶעבֶּען צוּ פְּלִינְדֶערוּנְג:



װָארִין

17 וָוארִין אִיךְ וָועל דִיר בְּרֶענְגֶען
אַיין הֵייל־מִיטֶעל, אוּנְד אִיךְ וָועל דִיךְ
הֵיילֶען פוּן דֵיינֶע וְואוּנְדֶען, זָאגְט דֶער
הַאר. וָוארִין מֶען רוּפְט דִיךְ פֶערְ־
שְׁטוֹיסֶענֶע, דָאס אִיז צִיוֹן, נָאךְ וָועלְכֶע
קֵיינֶער פְרֶעגְט נִיט נָאךְ:
18 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, אִיךְ
קֶעהְר צוּרִיק דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן
דִיא גֶעצֶעלְטֶען פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד אוֹיף
זֵיינֶע וְואוֹינוּנְגֶען וָועל אִיךְ מִיךְ דֶערְ־
בַּארֶעמֶען, אוּנְד דִיא שְׁטָאט וָועט
אוֹיפְגֶעבּוֹיט וֶוערֶען אוֹיף אִיהְר הוֹיפֶען
(שׁוּטְבַּארְג), אוּנְד דֶער פַּאלַאץ וָועט
אוֹיף זַיין אָרְדֶענוּנְג בֶּעוָואוֹינְט זַיין:
19 אוּנְד עֶס וָועט פוּן זֵייא אַרוֹיסְגֵיין
אַיין לוֹיב־גֶעזַאנְג, אוּנְד אַיין קוֹל פוּן
פְרֵיילִיכְקַייט, אוּנְד אִיךְ וָועל זֵייא פֶערְ־
מֶעהְרֶען אוּנְד זֵייא וָועלֶען נִיט ווִינְצִיגֶער
וֶוערֶען, אוּנְד אִיךְ וָועל זֵייא הֶערְלִיךְ
מַאכֶען אוּנְד זֵייא וָועלֶען נִיט אַלְס
קְלֵיין בֶּעטְרַאכְט וֶוערֶען:
20 אוּנְד זֵיינֶע קִינְדֶער וָועלֶען זַיין
וִויא פְרִיהֶער, אוּנְד זֵיינֶע גֶעמֵיינְדֶע
וָועט פוּן מִיר בֶּעפֶעסְטִיגְט זַיין, אוּנְד
אִיךְ וָועל בֶּעשְׁטְרָאפֶען אַלֶע זֵיינֶע
אוּנְטֶערְדְרִיקֶער:
21 אוּנְד זַיין שְׁטַארְקֶער וָועט זַיין
פוּן אִיהְם זֶעלְבְּסְט, אוּנְד זַיין הֶערְשֶׁער
וָועט פוּן צְווִישֶׁען אִיהְם אַרוֹיסְקוּמֶען,
אוּנְד אִיךְ וָועל אִיהְם מַאכֶען גֶענֶעהֶענֶען,
דָאס עֶר זָאל צוּ מִיר צוּטְרֶעטֶען,
וָוארִין וֶוער אִיז דֶען דֶער וָואס וָואגְט
זַיין הַארְץ (וָואס אִיז עָרוֹב) צוּ מִיר צוּ
צוּטְרֶעטֶען ? זָאגְט דֶער הַאר:
22 אוּנְד אִיהְר וָועט צוּ מִיר זַיין פַאר
אַיין פָאלְק, אוּנְד אִיךְ וָועל זַיין אֵייעֶר
גָאט:
23 זֶעה, אַיין שְׁטוּרֶעמְוִוינְד פוּן דֶעם
הַאר, אַיין גְרִימְצָארְן אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען,
אַיין רוֹישֶׁענְדֶער שְׁטוּרֶעמְוִוינְד, וָועלְכֶער
וָועט פַאלֶען אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן דִיא
רְשָׁעִים:
24 עֶס וָועט זִיךְ נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען
דֶער בְּרֶענֶענְדִיגֶער צָארְן פוּן דֶעם
הַאר, בִּיז עֶר וָועט טְהוּן אוּנְד בִּיז עֶר
וָועט אוֹיפְשְׁטֶעלֶען (אוֹיסְפִיהְרֶען) דִיא
גֶעדַאנְקֶען פוּן זַיין הַארְץ; אִין דִיא
עֶנְדֶע פוּן דִיא טֶעג וָועט אִיהְר דָאס
בֶּעמֶערְקֶען:
25 אִין יֶענֶער צַייט,־זָאגְט דֶער הַאר,
וָועל אִיךְ (עֶרְשְׁט רֶעכְט) גָאט זַיין צוּ
אַלֶע מִשְׁפָּחוֹת פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא
וָועלֶען מַיין פָאלְק זַיין:

## קאפיטעל לא

1 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דָאס פָאלְק
וָועלְכֶע זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דֶעם
שְׁוֶוערְד, הָאט גֶעפוּנֶען גֶענַאדֶע אִין דֶער
מִדְבָּר, (וֶוען אִיךְ בִּין אַהִינְגֶעגַאנְגֶען)
יִשְׂרָאֵל אִין רוּהֶע צוּ בְּרֶענְגֶען:
2 פוּן ווייטֶען (פוּן לַאנְג) הָאט זִיךְ
דֶער האר צוּ מִיר בֶּעווִיזֶען,—ווייל אִיךְ
הָאבּ דִיךְ גֶעלִיבְּט מִיט אַן אֵייבִּיגֶע
לִיבְּשַׁאפְט, דַארוּם הָאבּ אִיךְ דִיךְ מִיט
חֶסֶד גֶעצוֹיגֶען:
3 אִיךְ וָועל דִיךְ נָאךְ בּוֹיעֶן, אוּנְד דוּא
וָועסְט אוֹיפְגֶעבּוֹיט זַיין, דוּא יוּנְגְפְרוֹי
יִשְׂרָאֵל! דוּא וָועסְט דִיךְ נָאךְ צִירֶען
מִיט דֵיינֶע פּוֹיקֶען, אוּנְד דוּא וָועסְט
אַרוֹיסְגֵיין אִין דֶעם טַאנְץ פוּן דִיא
פְרֵיילִיכֶע:
4 דוּא וָועסְט נָאךְ פְּלַאנְצֶען ווייְנגָערְטֶען
אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן שֹׁמְרוֹן; דִיא
פְלַאנְצֶער וָועלֶען פְלַאנְצֶען אוּנְד וָועלֶען
עֶס וָואכֶענְדִיג (חוֹל) מַאכֶען (צוּ עֶסֶען):

ווארין

5 וָוארִין עֶס אִיז דָא אֵיין טָאג, וֶוען
דִיא וֶועכְטֶער וֶועלֶען אוֹיסְרוּפֶען אוֹיף
דִיא בֶּערְג פוּן אֶפְרַיִם, שְׁטֵייט אוֹיף!
אוּנְד לָאזֶען מִיר אַרוֹיפְגֵיין נָאךְ צִיוֹן
צוּ דֶעם הַאר, אוּנְזֶער גָאט:
6 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זִינְגְט
צוּ יַעֲקֹב מִיט פְרֵייד, אוּנְד שְׁרֵייט
(יוֹכְצֶעט) אִיבֶּער דֶעם הוֹיבְּט פוּן דִיא
פֶעלְקֶער, מַאכְט עֶס הֶערֶען, לוֹיבְּט
אוּנְד זָאגְט, הַאר הֶעלְף דֵיין פָאלְק,
דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יִשְׂרָאֵל:
7 זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג זֵייא פוּן דֶעם
לַאנְד פוּן צָפוֹן־זֵייט, אוּנְד אִיךְ פֶערְ־
זַאמֶעל זֵייא פוּן דִיא עֶנְדֶען פוּן דֶער
עֶרְד, דִיא בְּלִינְדֶע אוּנְד דִיא הִינְקֶעדִיגֶע,
דִיא שְׁוַואנְגֶערֶע אוּנְד דִיא גֶעוִוינֶערִין
(גֶעבֶּערֶערִין) צְוִוישֶען זֵייא צוּזַאמֶען,
אֵיינֶע גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג וֶועלֶען זֵייא
זִיךְ אַהֶער צוּרִיקְקֶעהְרֶען:
8 מִיט וֵויינֶען וֶועלֶען זֵייא קוּמֶען,
אוּנְד מִיט גֶעבֶּעט וֶועל אִיךְ זֵייא
בְּרֶענְגֶען, אִיךְ וֶועל זֵייא פִיהְרֶען צוּ
וַואסֶער־טֵייכֶען אוֹיף אֵיין גְלֵייכֶען וֶועג,
זֵייא וֶועלֶען אִין אִיהְר נִיט שְׁטְרוֹיכְלֶען,
וָוארִין אִיךְ בִּין אֵיין פָאטֶער צוּ יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד אֶפְרַיִם אִיז מֵיין בְּכוֹר (עֶרְשְׁטְ־
גֶעבּוֹירֶענֶער):
9 הֶערְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיהְר פֶעלְקֶער, אוּנְד זָאגְט עֶס אָן
אִין דִיא אִינְזֶלֶען פוּן וֵויטֶען, אוּנְד
זָאגְט, דֶער וָואס הָאט דִיא יִשְׂרָאֵל
פֶערשְׁפְּרֵייט, וֶועט אִיהם אֵיינְזַאמְלֶען,
אוּנְד עֶר וֶועט אִיהם הִיטֶען וִויא אֵיין
פַאסְטוּךְ זֵיין סְטַאדֶע (הֶערְדֶע):
10 וָוארִין דֶער הַאר הָאט יַעֲקֹב
אוֹיסְגֶעלֵייזְט, אוּנְד עֶר הָאט אִיהם
גֶערֶעטֶעט פוּן אֵיינֶע הַאנְד וָואס אִיז
שְׁטַארְקֶער אַלְס עֶר:
11 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען קוּמֶען אוּנְד
זִינְגֶען אוֹיף דִיא הֵייךְ פוּן צִיוֹן, אוּנְד
שְׁטְרָאמֶען (לוֹיפֶען וִויא טֵייכֶען) וֶועגֶען
דֶעם גוּטֶעס פוּן דֶעם הַאר, צוּ קָארְן
אוּנְד צוּ וַויין (מָאסְט) אוּנְד צוּ אֵייל,
אוּנְד צוּ יוּנְגֶע שָׁאף אוּנְד רִינְדֶער,
אוּנְד זֵיירֶע זֶעעלֶע וֶועט זֵיין וִויא אֵיין
בֶּעפֵייכְטֶער גָארְטֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
נִיט מֶעהְר קֵיין שְׁמֶערְץ הָאבֶּען:
12 דַאמָאלְס וֶועט זִיךְ דִיא יוּנְגְפְרוֹיי
פְרֵייעֶן מִיט טַאנְצֶען, אוּנְד דִיא יוּנְגֶע
לֵייט אוּנְד דִיא אַלְטֶע צוּזַאמֶען, אוּנְד
אִיךְ וֶועל אוּמְקֶעהְרֶען זֵייעֶר טְרוֹיי־
רִיגְקֵייט צוּ פְרֵייד, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא
טְרֵייסְטֶען אוּנְד זֵייא פְרֵיילִיךְ מַאכֶען פוּן
זֵייעֶר יָאמֶער:
13 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֶעטִיגֶען דִיא זֶעעלֶע
פוּן דִיא כֹּהֲנִים מִיט פֶעטְס, אוּנְד מֵיין
פָאלְק וֶועלֶען מִיט מֵיין גוּטֶעס זַאט
וֶוערֶען, זָאגְט דֶער הַאר:
14 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, אֵיינֶע שְׁטִימֶע
(קוֹל) וֶוערְט גֶעהֶערְט אִין רָמָה, אַ
קְלָאג, אַ בִּיטֶערֶעס וֵויינֶען, רָחֵל וֵויינְט
אִיבֶּער אִיהְרֶע קִינְדֶער, זִיא וִויל זִיךְ נִיט
לָאזֶען טְרֵייסְטֶען וֶועגֶען אִיהְרֶע קִינְדֶער,
וָוארִין זֵייא זֶענֶען מֶעהְר נִיט דָא:
15 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, הַאלְט צוּרִיק
דֵיין קוֹל פוּן וֵויינֶען אוּנְד דֵיינֶע אוֹיגֶען
פוּן טְרֶערֶען, וָוארִין עֶס אִיז דָא אַ לוֹין
(שָׂכָר) פַאר דֵיינֶע וֶוערְק, זָאגְט דֶער
הַאר, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען צוּרִיקְקֶעהְרֶען
פוּן דֶעם לַאנְד פוּן דֶעם פֵיינְד:
16 אוּנְד עֶס אִיז דָא אֵיינֶע הָאפְנוּנְג
פַאר דֵיינֶע צוּקוּנְפְט, זָאגְט דֶער הַאר,
אוּנְד דִיא קִינְדֶער וֶועלֶען צוּרִיקְקֶעהְרֶען
צוּ זֵיירֶע גְרֶענֶעץ:

17 איך הָאבּ גֶעווִים גֶעהֶערְט דָאס אֶפְרַיִם בֶּעקְלָאגְט זִיךְ (אוּנְד זָאגְט) דוּא הָאסְט מִיךְ בֶּעשְׁטְרָאפְט, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעשְׁטְרָאפְט גֶעוָוארֶען, וִויא אֵיין קַאלְבּ וָואס אִיז נִיט גֶעווָאוינְט (צוּ אַ יָאךְ), קֶעהְר מִיךְ צוּרִיק דָאס אִיךְ זָאל מִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען, וָוארִין דוּא בִּיסְט דֶער הַאר מֵיין גָאט:

18 וָוארִין נָאךְ מֵיין אָפְּקֶעהְרֶען הָאבּ אִיךְ מִיךְ בֶּעדֶענְקְט, אוּנְד נָאךְ מֵיין אַנֶערְקֶענֶען הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען אוֹיף דֶעם דִיךְ (הִיפְטֶע), אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעשֶׁעמְט אוּנְד אִיךְ בִּין רוֹיט גֶעוָוארֶען, ווייל אִיךְ הָאבּ גֶעטְרָאגֶען דִיא שַׁאנְד פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד:

19 אִיז דֶען אֶפְרַיִם אַזוֹי אֵיין טֵייעֶרֶער זוּהְן צוּ מִיר, אָדֶער אֵיין פְרֵיידֶענְס קִינְד, דָאס אַזוֹי אָפְט וֶוען אִיךְ רֶעד וֶועגֶען אִיהְם דֶענְק אִיךְ נָאךְ פִיל פוּן אִיהְם? דַארוּם בְּרוּמֶען מֵיינֶע גֶעדֶערְם פוּן זֵיינֶעטְוֶועגֶען, אִיךְ מוּז מִיךְ אִיבֶּער אִיהְם דֶערְבַּארֶעמֶען, זָאגְט דֶער הַאר:

20 שְׁטֶעל דִיר אוֹיף אֵיין צֵייכֶען, שְׁטֶעל דִיר טֵייטֶעל־בֵּיימֶער (צוּ צֵייכֶענְס) טְהוּא דֵיין הַארְץ אוֹיף דֶעם וֶועג, דֶעם וֶועג וָואס דוּא בִּיסְט דַארִין גֶעגַאנְגֶען! קֶעהְר צוּרִיק דוּא יוּנְגְפְרוֹי יִשְׂרָאֵל, קֶעהְר צוּרִיק צוּ דִיא דָאזִיגֶע דֵיינֶע שְׁטֶעט:

21 בִּיז וִויא לַאנְג וֶועסְט דוּא דִיךְ אַרוּמְטְרֵייבֶּען דוּא ווידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע טָאכְטֶער? וָוארִין דֶער הַאר הָאט אֵיין נֵייעֶס בֶּעשַׁאפֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, דָאס אַ ווייבּ וֶועט אַרוּמְרִינְגְלֶען אַ מַאן:

22 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, זֵייא וֶועלֶען נָאךְ זָאגֶען דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט אִין דֶעם לַאנְד פוּן יְהוּדָה, אוּנְד אִין זֵיינֶע שְׁטֶעט, וֶוען אִיךְ וֶועל צוּרִיקְקֶעהְרֶען זֵיירֶע גֶעפַאנְגְשַׁאפְט, דֶער הַאר זָאל דִיךְ בֶּענְשֶׁען, דוּא וְואוֹינוּנְג פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, דוּא הֵיילִיגֶער בַּארְג!

23 אוּנְד עֶס וֶועלֶען דַארִינֶען וְואוֹינֶען יְהוּדָה אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע שְׁטֶעט צוּזַאמֶען, אַקֶערְס־לֵייט, אוּנְד דִיא וָואס צִיהֶען אַרוּם מִיט אַ סְטַאדֶע (הֶערְדֶע):

24 וָוארִין אִיךְ הָאבּ דֶערְקְווִיקְט דִיא מִידֶע זֶעעֶלֶע, אוּנְד יֶעדֶע שְׁמֶערְצִיגֶע זֶעעֶלֶע הָאבּ אִיךְ דֶערְפִילְט (מִיט טְרֵייסְט):

25 אִיבֶּער דָאס דָאזִיגֶע הָאבּ אִיךְ מִיךְ עֶרְוַואכְט אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד מֵיין שְׁלָאף אִיז מִיר אַנְגֶענֶעהְם (זִיס) גֶעוֶועזֶען:

26 זֶעה, טֶעג קוּמֶען אָן, זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְזֵייעֶן דָאס הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד דָאס הוֹיז פוּן יְהוּדָה, מִיט זָאמֶען פוּן מֶענְשֶׁען אוּנְד מִיט זָאמֶען פוּן בְּהֵמוֹת:

27 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ אִיבֶּער זֵייא גֶעוַואכְט כְּדֵי זֵייא אוֹיסְצוּרֵייסֶען אוּנְד צוּ צוּשְׁטֶערֶען, אַנִידֶערְצוּשְׁלָאגֶען אוּנְד צוּ פֶערְלִירֶען אוּנְד שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אִיבֶּער זֵייא וַואכֶען, זֵייא אוֹיפְצוּבּוֹיעֶן אוּנְד צוּ פְלַאנְצֶען, זָאגְט דֶער הַאר:

28 אִין יֶענֶע טֶעג וֶועט מֶען נִיט מֶעהְר זָאגֶען, דִיא עֶלְטֶערְן הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְצֵייטִיגֶע ווייַן־טְרוֹיבֶּען, אוּנְד דִיא צֵיין פוּן דִיא קִינְדֶער זֶענֶען אֵיילִיג (שְׁטוּמְפְּף) גֶעוָוארֶען:

29 נֵייעֶרְט יֶעדֶער מֶענְשׁ וֶועט פַאר זֵיינֶע אֵייגֶענֶע זִינְד שְׁטַארְבֶּען, יֶעדֶער

מֶענְשׁ וָואס עֶסְט אוּנְצֵייטִיגֶע ווייןּ־
טְרויבֶּען זֵיינֶע צֵיין וָועלֶען אֵיילִיג
וָוערֶען :
30 זֶעה, טֶעג קוּמֶען אָן, זָאגְט דֶער
הַאר, אַזוֹי וָועל אִיךְ מַאכֶען מִיט
דֶעם הויזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד מִיט
דֶעם הויזְגֶעזִינְד פוּן יְהוּדָה אֵיין נֵייעֶם
בּוּנְד (בְּרִית) :
31 נִיט וִויא דֶער בּוּנְד, אִיז גֶעוָועזֶען
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט מִיט זֵייעֶרֶע
עֶלְטֶערְן אִין דֶעם טָאג, וָוען אִיךְ הָאבּ
אָנְגֶענוּמֶען זֵייעֶר הַאנְד זֵייא אַרויסְ־
צוּפִיהְרֶען פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם; וָואס
זֵייא הָאבֶּען צוּשְׁטֶערְט מֵיין בּוּנְד
חָאטְשֶׁע אִיךְ בִּין שׁוין גֶעוָועזֶען זֵייעֶר
מַאן, זָאגְט דֶער הַאר :
32 נֵייעֶרְט דָאס אִיז דֶער בּוּנְד, וָועלְכֶען
אִיךְ וָועל מַאכֶען מִיט דֶעם הויזְ־
גֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל נָאךְ יֶענֶע טֶעג,
זָאגְט דֶער הַאר, אִיךְ וָועל גֶעבֶּען מֵיינֶע
תּוֹרָה אִין זֵייא, אוּנְד אויף זֵייעֶר הַארְץ
וָועל אִיךְ עֶס שְׁרֵייבֶּען, אוּנְד אִיךְ וָועל
זֵיין זֵייעֶר גָאט, אוּנְד זֵייא וָועלֶען זֵיין
מֵיין פָאלְק :
33 אוּנְד זֵייא וָועלֶען נִיט מֶעהְר
(דַארְפֶען) לֶערְנֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן,
אוּנְד אֵיין מֶענְשׁ זֵיין בְּרוּדֶער, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, דֶערְקֶענְט דֶעם הַאר, וָוארִין זֵייא
וֶועלֶען מִיךְ אַלֶע דֶערְקֶענֶען פוּן דֶעם
קְלֶעינְסְטֶען בִּיז צוּ דֶעם גְרֶעסְטֶען,
זָאגְט דֶער הַאר, וָוארִין אִיךְ וָועל
פֶערְגֶעבֶּען זֵייעֶרֶע שׁוּלְד, אוּנְד זֵייעֶרֶע
זִינְד וָועל אִיךְ נִיט מֶעהְר גֶעדֶענְקֶען :
34 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער וָואס
גִיבְּט דִיא זוּן צוּ אַ לִיכְט בֵּייא טָאג,
דִיא גֶעזֶעצֶען פוּן דִיא לְבָנָה אוּנְד פוּן
דִיא שְׁטֶערְן צוּ אַ לִיכְט בֵּייא נַאכְט;
דֶער וָואס שְׁפַּרֵייט אוֹיס דָאס מֶעֶר
(יָם) אוּנְד עֶס שְׁטוּרֶעמֶען זֵיינֶע וָועלְלֶען,
יְהוָה צְבָאוֹת אִיז זֵיין נָאמֶען :
35 וֶוען עֶס וֶועלֶען זִיךְ אָפְּטְהוּן (אָפְּ־
וֶוענְדֶען) דִיא דָאזִיגֶע גֶעזֶעצֶען פוּן
פַאר מִיר, זָאגְט דֶער הַאר, דַאן וָועלֶען
אויךְ דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל אויפְ־
הֶערֶען צוּ זֵיין אֵיין פָאלְק פַאר מִיר
אַלֶע טֶעג :
36 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, וֶוען מֶען
וֶועט מֶעסְטֶען דֶעם הִימֶעל פוּן אויבֶּען,
אוּנְד מֶען וֶועט אויסְפָארְשֶׁען דִיא
גְרוּנְדפֶעסְטֶען פוּן דֶער עֶרְד פוּן
אוּנְטֶען, דַאן וָועל אִיךְ אויךְ פֶערְהַאסֶען
דֶעם גַאנְצֶען זָאמֶען (זֶרַע) פוּן יִשְׂרָאֵל,
וֶועגֶען אַלֶעס וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן,
זָאגְט דֶער הַאר :
37 זֶעה, טֶעג קוּמֶען אָן, זָאגְט דֶער
הַאר, אַזוֹי וֶועט דִיא שְׁטָאט אויפְגֶעבּויטְ־
וֶוערֶען פַאר דֶעם הַאר, פוּן דֶעם
טְהוּרֶעם חֲנַנְאֵל בִּיז צוּ דֶעם ווינְקֶעל־
טויעֶר :
38 אוּנְד עֶס וֶועט נָאךְ אַרויסְגֵיין דִיא
מָאס־שְׁנוּר עֶנְטְקֶעגֶען אִיהְם בִּיז צוּ
דֶעם הִיגֶעל גָרֵב, אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ
אַרוּמְרִינְגְלֶען בִּיז גוֹעָתָה :
39 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע טָהאל פוּן דִיא
טויטֶע קֶערְפֶּערְס, אוּנְד פוּן דֶער אַשׁ,
אוּנְד אַלֶע פֶעלְדֶער בִּיז צוּ דֶעם טֵייךְ
קִדְרוֹן, בִּיז צוּ דֶעם ווינְקֶעל פוּן דֶעם
טויעֶר פוּן דִיא פֶערְד אִין מִזְרַח־זֵייט,
וֶועט זֵיין הֵיילִיג צוּ דֶעם הַאר, עֶס
וֶועט נִיט מֶעהְר אויסְגֶעריסֶען וֶוערֶען,
אוּנְד נִיט צוּשְׁטֶערְט וֶוערֶען אויף
אֵייבִּיג :

## קאפיטעל לב

1 דָאס אִיז דָאס וָוארְט, וָואס אִיז

גֶעוָועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ, פוּן דֶעם הַאר,
אִין דֶעם צֶעהְנְטֶען יָאהְר פוּן צִדְקִיָהוּ,
דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, דָאס אִיז דָאס
אַכְטְצֶעהְנְטֶע יָאהְר פוּן נְבוּכַדְרֶאצַר:
2 אוּנְד דַאמָאלְס הָאבֶּען בֶּעלַאגֶערְט
דָאס חַיִל פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד יִרְמְיָהוּ דֶער נָבִיא אִיז
גֶעוָועזֶען אֵיינְגֶעשְׁפַּארְט אִין דֶעם הוֹיף
פוּן דֶער וַואךְ וָואס אִיז גֶעוָועזֶען אִין
דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה:
3 אַוְואוּ צִדְקִיָהוּ דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה,
הָאט אִיהְם אֵיינְגֶעשְׁפַּארְט, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, וָוארוּם זָאגְסְט דוּא נְבִיאוּת אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה,
אִיךְ גִיבּ אִיבֶּער דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט
אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן
בָּבֶל, אוּנְד עֶר וֶועט זִיא אֵיינְנֶעמֶען:
4 אוּנְד צִדְקִיָהוּ דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה
וֶועט נִיט עֶנְטְרִינֶען וֶוערֶען פוּן דִיא
הַאנְד פוּן דִיא כַּשְׂדִים, נֵייעֶרְט עֶר
וֶועט גֶעוִויס גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין דִיא
הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אוּנְד
זֵיין מוֹיל וֶועט רֶעדֶען מִיט זֵיין מוֹיל,
אוּנְד זֵיינֶע אוֹיגֶען וֶועלֶען זֵיינֶע אוֹיגֶען
זֶעהֶען:
5 אוּנְד נָאךְ בָּבֶל וֶועט עֶר צִדְקִיָהוּ
פִירֶען, אוּנְד עֶר וֶועט דָארְטֶען זֵיין
בִּיז אִיךְ וֶועל אִיהְם דֶערְמַאנֶען, זָאגְט
דֶער הַאר, וֶוען אִיהְר הַאלְט מִלְחָמָה
מִיט דִיא כַּשְׂדִים וֶועט אִיהְר נִיט בֶּעַ־
גְלִיקֶען:
6 אוּנְד יִרְמְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט, דָאס
וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז גֶעוָועזֶען צוּ
מִיר אַזוֹי צוּ זָאגֶען
7 זֶעה חֲנַמְאֵל, דֶער זוּהְן פוּן שַׁלֻּם,
דֵיין פֶעטֶער וֶועט קוּמֶען צוּ דִיר אוּנְד
זָאגֶען, קוֹיף דִיר מֵיין פֶעלְד וָואס אִיז
אִין עֲנָתוֹת, וָואס אִיז אִין דֶעם לַאנְד פוּן
בִּנְיָמִין, וָוארִין צוּ דִיר גֶעהֶערְט דָאס
רֶעכְט עֶס צוּ קוֹיפֶען:
8 אוּנְד חֲנַמְאֵל דֶער זוּהְן פוּן מֵיין
פֶעטֶער אִיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען נָאךְ דֶעם
וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, אִין דֶעם הוֹיף
פוּן דִיא וַואךְ, אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר
גֶעזָאגְט, קוֹיף דִיר מֵיין פֶעלְד, וָואס
אִיז אִין עֲנָתוֹת, אִין דֶעם לַאנְד בִּנְיָמִין,
וָוארִין צוּ דִיר גֶעהֶערְט דָאס רֶעכְט
פוּן יְרֻשָּׁה, אוּנְד צוּ דִיר גֶעהֶערְט דָאס
אוֹיסְלֵייזוּנְג, אוּנְד אַזוֹי וֶועל אִיךְ וִויסֶען
דָאס עֶס אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר:
9 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעקוֹיפְט דָאס פֶעלְד
פוּן חֲנַמְאֵל, דֶער זוּהְן פוּן מֵיין פֶעטֶער,
וֶועלְכֶער אִיז אִין עֲנָתוֹת, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ אִיהְם אָפְּגֶעוָואוֹיגֶען דָאס זִילְבֶּער,
זִיבֶּען שְׁקָלִים אוּנְד צֶעהְן זִילְבֶּער־
שְׁטִיק:
10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס אִין אֵיין בְּרִיף
גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנְד הָאבּ עֶס פֶערְחַתְמֶת
(פֶערְזִיגֶעלְט), אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס בֶּעַ־
צֵייגְט דוּרְךְ עֵדוּת (צֵייגֶען) אוּנְד הָאבּ
דָאס זִילְבֶּער גֶעוָואוֹיגֶען אוֹיף דִיא
וָואגְשָׁאלֶען:
11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען דֶעם
קוֹיפ־בְּרִיף, דֶעם פֶערְזִיגֶעלְטֶען, נָאךְ
דֶעם גֶעבָּאט אוּנְד דֶעם גֶעזֶעץ, אוּנְד
דֶעם אָפֶּענֶעם (בְּרִיף):
12 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען דֶעם
קוֹיפ־בְּרִיף צוּ בָּרוּךְ דֶעם זוּהְן פוּן נֵרִיָה,
דֶעם זוּהְן פוּן מַחְסֵיָה, פַאר דִיא אוֹיגֶען
פוּן חֲנַמְאֵל מֵיין פֶעטֶער, אוּנְד פַאר
דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא עֵדוּת, וֶועלְכֶע
הָאבֶּען אוּנְטֶערְגֶעשְׁרִיבֶּען דֶעם קוֹיפ־
בְּרִיף, פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן אַלֶע יְהוּדִים

וָואס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִין דֶעם הויף
פוּן דִיא וַואךְ׃
13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעבָּאטֶען דֶעם
בָּרוּךְ פַאר זַיירֶע אוֹיגֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
14 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, נֶעם דִיא דָאזִיגֶע
בְּרִיף, דֶעם דָאזִיגֶען קוֹיף־בְּרִיף, (בֵּיידֶע)
דֶעם פֶערְחַתְמְ'טֶען אוּנְד דֶעם דָאזִיגֶען
אָפֶענֶעם בְּרִיף, אוּנְד לֵייג זַייא אִין
אַיין עֶרְדֶענֶע כְּלִי, כְּדֵי זַייא זָאלֶען
בְּלַייבֶּען שְׁטֵיין פִיל טֶעג׃
15 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, עֶס וֶועלֶען נָאךְ
גֶעקוֹיפְט וֶוערֶען הֵייזֶער אוּנְד פֶעלְדֶער
אוּנְד ווַיינְגֶערְטֶען אִין דֶעם דָאזִיגֶען
לַאנְד׃
16 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעבֶּעטֶען צוּ דֶעם
הַאר, נָאכְדֶעם ווִיא אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען
דֶעם קוֹיף־בְּרִיף צוּ בָּרוּךְ, דֶעם זוּהְן
פוּן נֵרִיָה אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
17 אַיי וֵוייא הַאר גָאט! זֶעה, דוּא הָאסְט
גֶעמַאכְט דֶעם הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד
דוּרְךְ דַיינֶע גְרוֹיסֶע קְרַאפְט, אוּנְד דוּרְךְ
דַיין אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶען אָרֶעם, קֵיין
זַאךְ אִיז דִיר נִיט צוּ וְואוּנְדֶערְבַּאר׃
18 דוּא טְהוּסְט גְנָאד צוּ טוֹיזֶענְדֶע,
אוּנְד דוּא בֶּעצָאהְלְסְט דִיא שׁוּלְד פוּן
דִיא עֶלְטֶערְן אִין דֶעם שׁוֹיס פוּן זַיירֶע
קִינְדֶער נָאךְ זַייא, דֶער גְרוֹיסֶער אוּנְד
שְׁטַארְקֶער גָאט, דֶער הַאר צְבָאוֹת
אִיז זַיין נָאמֶען׃
19 גְרוֹיס פוּן עֵצָה, אוּנְד שְׁטַארְק פוּן
מַעֲשִׂים, וָואס דַיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אָפֶען
אִיבֶּער אַלֶע וֶועגֶען פוּן דִיא מֶענְשֶׁענְ־
קִינְדֶער, צוּ גֶעבֶּען צוּ יֶעדֶען מֶענְשׁ
נָאךְ זַיין וֶועג אוּנְד נָאךְ דִיא פְּרוּכְט
פוּן זַיינֶע וֶוערְק׃

20 וָואס דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן צֵייכֶען
אוּנְד וְואוּנְדֶער אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם
בִּיז אַן דֶעם דָאזִיגֶען טָאג, אוּנְד אִין
דִיא יִשְׂרָאֵל אוּנְד (אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען),
אוּנְד דוּא הָאסְט צוּ דִיר גֶעמַאכְט אַיין
נָאמֶען, אַזוֹי ווִיא עֶס אִיז אַן דֶעם
דָאזִיגֶען טָאג׃
21 אוּנְד דוּא הָאסְט אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען
דָאס פָאלְק יִשְׂרָאֵל פוּן דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם! דוּרְךְ צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער,
אוּנְד דוּרְךְ אַ שְׁטַארְקֶע הַאנְד אוּנְד אוֹיסְ־
גֶעשְׁטְרֶעקְטֶען אָרֶעם, אוּנְד דוּרְךְ גְרוֹיס
מוֹרָא׃
22 אוּנְד דוּא הָאסְט צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען
דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד, וָואס דוּא הָאסְט
גֶעשְׁווָאוירֶען צוּ זַיירֶע עֶלְטֶערְן, זַייא
צוּ גֶעבֶּען, אַיין לַאנְד וָואס פְלִיסְט
מִיט מִילְךְ אוּנְד מִיט הָאנִיג׃
23 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען אִיהְר גֶע'יַרְשְׁ'ת (גֶעעֶרְבְּט),
אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט צוּגֶעהֶערְט צוּ
דַיין קוֹל, אוּנְד אִין דַיינֶע תּוֹרָה זֶענֶען
זַייא נִיט גֶעגַאנְגֶען, אַלֶעס דָאס וָואס
דוּא הָאסְט זַייא גֶעבָּאטֶען צוּ טְהוּן
הָאבֶּען זַייא נִיט גֶעטְהוּן, אַזוֹי הָאסְט
דוּא זַייא גֶעמַאכְט טְרֶעפֶען דָאס גַאנְצֶע
דָאזִיגֶע שְׁלֶעכְטֶעס׃
24 זֶעה, דִיא בֶּעלַאגֶערוּנְגְס וֶוערְק זֶענֶען
אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא שְׁטָאט כְּדֵי זִיא
אַיינְצוּנֶעמֶען, אוּנְד דִיא שְׁטָאט אִיז
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אִין דִיא הֶענְד
פוּן דִיא כַּשְׂדִים, דִיא וָואס הַאלְטֶען
מִלְחָמָה אוֹיף אִיהְר, פוּן וֶועגֶען דֶעם
שְׁווֶערְד אוּנְד דֶעם הוּנְגֶער אוּנְד דִיא
פֶּעסְט, (מָארְד) אוּנְד וָואס דוּא הָאסְט
גֶערֶעדְט אִיז גֶעוָוארֶען, אוּנְד דוּא
זֶעהְסְט עֶס צוּ!

25 אָבֶּער דוּא, הַאר גָאט! הָאסְט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, קויף דִיר דָאס פֶעלְד פַאר זִילְבֶּער, אוּנְד בֶּעשְׁטִים עֶס דוּרְךְ עֵדוּת (צֵייגֶען), אָבֶּער דִיא שְׁטָאט אִיז אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא כַּשְׂדִים׃

26 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

27 זֶעה, אִיךְ בִּין דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן אַלֶע לֵייבֶּער (פְלֵייש); זָאל דֶען פוּן מִיר פֶערְהוּילֶען זַיין אֵיין זַאךְ?

28 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, אִיךְ גִיבּ דִיא שְׁטָאט אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא כַּשְׂדִים, אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן נְבוּכַדְרֶאצַר, דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אוּנְד עֶר וָועט זִיא אֵיינְנֶעמֶען׃

29 אוּנְד עֶס וָועלֶען קוּמֶען דִיא כַּשְׂדִים, וָואס הַאלְטֶען מִלְחָמָה אוֹיף דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא וָועלֶען מִיט פֵייעֶר דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט אָנְצִינְדֶען, אוּנְד וָועלֶען זֵייא פֶערְבְּרֶענֶען, אוּנְד דִיא הֵייזֶער וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶערֵייכֶערְט אוֹיף זֵייעֶרֶע דֶעכֶער צוּ דֶעם בַּעַל, אוּנְד הָאבֶּען גֶעגָאסֶען טְרִינְק־אָפְּפֶער צוּ אַנְדֶערֶע גֶעטֶער כְּדֵי מִיךְ צוּ דֶערְצָארְנֶען׃

30 וָוארִין דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד דִיא קִינְדֶער יְהוּדָה הָאבֶּען נָאר שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן אִין מֵיינֶע אוֹיגֶען, פוּן זֵייעֶר יוּגֶענְד אָן; וָוארִין דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען מִיךְ נָאר דֶערְצָארְנְט דוּרְךְ דִיא וֶוערְק פוּן זֵייעֶרֶע הֶענְד, זָאגְט דֶער הַאר׃

31 וָוארִין צוּ מֵיין צָארְן אוּנְד צוּ מֵיין גְרִימְצָארְן, אִיז מִיר גֶעוֶועזֶען דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט, פוּן דֶעם טָאג אָן וָואס מֶען הָאט זִיא גֶעבּוֹיט בִּיז אַן דֶעם דָאזִיגֶען טָאג, דָאס אִיךְ וָועל זִיא אָפְּטְהוּן פוּן מֵיין אָנְגֶעזִיכְט׃

32 וָועגֶען דָאס גַאנְצֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד פוּן דִיא קִינְדֶער יְהוּדָה וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן מִיךְ צוּ דֶערְצָארְנֶען, זֵייא, זֵייעֶרֶע קֶענִיגֶע זֵייעֶרֶע פִירְשְׁטֶען, זֵייעֶרֶע כֹּהֲנִים אוּנְד זֵייעֶרֶע נְבִיאִים, אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן יְהוּדָה אוּנְד דִיא אֵיינְוָואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם׃

33 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּ מִיר גֶעקֶעהְרְט מִיט דֶעם נַאקֶען אוּנְד נִיט מִיט דֶעם אָנְגֶעזִיכְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעלֶערְנְט, אוּנְד וִוידֶער גֶעלֶערְנְט אַם יֶעדֶען פְרִיה־מָארְגֶען, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט צוּגֶעהֶערְט כְּדֵי שְׁטְרָאפְרֵייד אָנְצוּנֶעמֶען׃

34 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט זֵייעֶרֶע אוּמְווירְדִיגְקֵייטֶען (גֶעצֶען) אִין דֶעם הוֹיז, אִיבֶּער וָועלְכֶען מֵיין נָאמֶען אִיז גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען, כְּדֵי עֶס צוּ פֶערְאוּמְרֵיינִיגֶען (מְטַמֵּא מַאכֶען)׃

35 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבּוֹיט דִיא בָּמוֹת פוּן דֶעם בַּעַל, וָועלְכֶע זָענֶען אִין דֶעם טָהאל פוּן בֶּן־הִנֹּם, דוּרְכְצוּפִיהְרֶען זֵייעֶרֶע זִיהְן אוּנְד זֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער פַאר דֶעם מוֹלֶךְ, וָואס אִיךְ הָאבּ עֶס זֵייא נִיט גֶעבָּאטֶען, אוּנְד עֶס אִיז מִיר נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף מֵיין הַארְץ (גֶעדַאנְקֶען) צוּ טְהוּן דָאס דָאזִיגֶע אוּמְווירְדִיגְקֵייט, כְּדֵי יְהוּדָה צוּ מַאכֶען זִינְדִיגֶען׃

36 אוּנְד אַצוּנְד, דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אִיבֶּער דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט, פוּן וָועלְכֶע אִיהְר זָאגְט זִיא אִיז אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען

אין דיא האַנד פון דעם קעניג פון
בבל, דורך דעם שווערד אונד דורך
הונגער אונד דורך מארד (פעסט)׃
37 זעה, איך פערזאַמעל זייא פון
אַלע לענדער וואו אַהין איך האָב זייא
פערשטויסען אין מיין צאָרן אונד אין
מיין גרימצאָרן, אונד מיט מיין גרויסען
פערדרוס, אונד איך וועל זייא צוריקק־
קעהרען צו דעם דאָזיגען אָרט, אונד
איך וועל זייא לאָזען וואוינען אין
זיכערהייט׃
38 אונד זייא וועלען צו מיר זיין צו
אַ פאָלק, אונד איך וועל זיין זייער
גאָט׃
39 אונד איך וועל זייא געבען איין
הארץ אונד איין וועג, כדי מורא צו
האָבען פאַר מיר אַלע טעג, דאָס עס
זאָל זייא גוט זיין, אונד צו זייערע
קינדער נאָך זייא׃
40 אונד איך וועל מיט זייא פער־
שניידען איין אייביגען ברית (בונד),
דאָס איך וועל מיך ניט אָפּקעהרען פון
זייא, דאָס איך וועל זייא גוטעס טהון,
אונד מיין פאָרכט וועל איך געבען
אין זייער הארץ, דאָס זייא זאָלען ניט
אָפּקעהרען פון מיר׃
41 אונד איך וועל מיך איבער זייא
פרייען זייא גוטעס צו טהון, אונד איך
וועל זייא איינפלאַנצען אין דעם דאָ־
זיגען לאַנד מיט וואָרהייט (אמת), מיט
מיין גאַנצען הארץ אונד מיט מיינע
גאַנצע זעעלע׃
42 וואָרין אַזוי זאָגט דער האר, אַזוי
וויא איך האָב געבראַכט איבער דעם
דאָזיגען פאָלק דאָס גאַנצע דאָזיגע
גרויסע שלעכטעס, אַזוי וועל איך
איבער זייא ברענגען דאָס גאַנצע
גוטעס, וואָס איך האָב איבער זייא
גערעדט׃
43 אונד דאָס דאָזיגע פעלד וועט
געקויפט ווערען אין דעם דאָזיגען
לאַנד, פון וועלכען איהר זאָגט, עס
איז פערוויסט, אָהן מענשען אונד
בהמות, עס איז געגעבען געוואָרען
אין דיא האַנד פון דיא כשדים׃
44 פעלדער וועט מען קויפען פאַר
געלד, אונד איינשרייבען אין איין
בריף (ספר), אונד פערחתמענען, אונד
בעשטימען עדות אין דעם לאַנד פון
בנימן, אונד אין דיא געגענד פון
ירושלים, אונד אין דיא שטעט פון
יהודה, אונד אין דיא שטעט וואָס
זענען אויף דעם באַרג, אונד אין דיא
שטעט פון דעם נידעריגען לאַנד, אונד
אין דיא שטעט פון דרום־זייט, וואָרין
איך וועל צוריקקעהרען זייערע גע־
פאַנגענשאַפט, זאָגט דער האר׃

## קאַפּיטעל לג

1 אונד דאָס וואָרט פון דעם האר
איז געוועזען צו ירמיהו צו דעם צווייטען
מאָל, אונד ער איז נאָך געוועזען
איינגעשלאָסען אין דעם הויף פון דיא
וואַכע, אַזוי צו זאָגען׃
2 אַזוי זאָגט דער האר, דער וואָס
טהוט, דער האר וואָס ער בעשאַפט
עס, וויא צו בעפעסטיגען, יהוה איז
זיין נאָמען׃
3 רוף צו מיר אונד איך וועל דיר
ענטפערן, אונד איך וועל דיר זאָגען
גרויסע אונד שטאַרקע (זאַכען) וואָס
דוא ווייסט פון זייא ניט׃
4 וואָרין אַזוי זאָגט דער האר, דער
גאָט פון ישראל, וועגען דיא הייזער
פון דער דאָזיגער שטאָט, אונד וועגע

דִיא הֵייזֶער פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה,
וָואס זַייא זֶענֶען צוּבְּרָאכֶען קֶעגֶען דִיא
שַׁאנְצֶען אוּנְד קֶעגֶען דֶעם שְׁוֶוערְד:
5 זַייא קוּמֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען
מִיט דִיא כַּשְׂדִים, אוּנְד זַייא אָנְצוּפִּילֶען
מִיט טוֹיטֶע קֶערְפֶּער פוּן מֶענְשֶׁען,
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁלָאגֶען אִין מַיין
צָארְן, אוּנְד אִין מַיין גְרִימְצָארְן, אוּנְד
וֶועגֶען וָואס אִיךְ הָאבּ פֶערְבָּארְגֶען
מַיין אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶער דָאזִיגֶער שְׁטָאט,
וֶועגֶען אַלֶע זַייעֶרֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייטֶען:
6 זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג אוֹיף פַאר אִיהְר
אַ מִיטֶעל אוּנְד אַ הֵיילוּנְג אוּנְד אִיךְ
וֶועל זַייא הֵיילֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא
עֶנְטְפְּלֶעקֶען אֵיין רֵייכְלִיכֶען שָׁלוֹם
(פְרִידֶען) אוּנְד אֶמֶת (וָוארְהֵייט):
7 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּרִיקְקֶעהְרֶען דִיא
גֶעפַאנְגֶענֶע פוּן יְהוּדָה, אוּנְד דִיא
גֶעפַאנְגֶענֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיךְ
וֶועל זַייא אוֹיפְבּוֹיעֶן אַזוֹי וִויא צוּ דֶעם
עֶרְשְׁטֶען:
8 אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא רֵיינִיגֶען פוּן
אַלֶע זַייעֶרֶע שׁוּלְדֶען, מִיט וֶועלְכֶע זַייא
הָאבֶּען צוּ מִיר גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד אִיךְ
וֶועל פֶערְגֶעבֶּען אַלֶע זַייעֶרֶע שׁוּלְדֶען
וָואס זַייא הָאבֶּען צוּ מִיר גֶעזִינְדִיגְט,
אוּנְד מִיט וֶועלְכֶע זַייא הָאבֶּען וִוידֶער־
גֶעשְׁפֶּענִיגְט קֶעגֶען מִיר:
9 אוּנְד זִיא (דִיא שְׁטָאט) וֶועט זַיין
צוּ מִיר צוּ אֵיין נָאמֶען פוּן שָׂלוֹם,
צוּ לוֹיבּ אוּנְד צוּ שֵׁיינְקֵייט פַאר אַלֶע
פֶעלְקֶער פוּן דֶער עֶרְד, וֶועלְכֶע וֶועלֶען
הֶערֶען פוּן אַלֶע גוּטִיגְקֵייט וָואס אִיךְ
טְהוּא צוּ זַייא, אוּנְד זַייא וֶועלֶען זִיךְ
שְׁרֶעקֶען אוּנְד צִיטֶערְן וֶועגֶען דָאס
גַאנְצֶע גוּטֶעס אוּנְד וֶועגֶען דֶעם גַאנְצֶען
פְרִידֶען וָואס אִיךְ טְהוּא אִין אִיהְר:

10 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, עֶס וֶועט
נָאךְ גֶעהֶערְט וֶוערֶען אִין דֶעם דָאזִיגֶען
אָרְט, אוֹיף וֶועלְכֶען אִיהְר זָאגְט דָאס
עֶס אִיז צוּשְׁטֶערְט אָהְן מֶענְשֶׁען אוּנְד
אָהְן בְּהֵמוֹת, אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן
יְהוּדָה אוּנְד אִין דִיא גַאסֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם,
וָואס זֶענֶען פֶערְוִויסְט אָהְן מֶענְשֶׁען
אוּנְד אָהְן אֵיינְוָואוֹינֶער, אוּנְד אָהְן
בְּהֵמוֹת:—
11 דָאס קוֹל פוּן פְרֵייד אוּנְד דָאס
קוֹל פוּן פְרֵיילִיכְקֵייט, דָאס קוֹל פוּן
דֶעם חָתָן אוּנְד דָאס קוֹל פוּן דֶער
כַּלָה, דָאס קוֹל פוּן דִיא וָואס זָאגֶען,
לוֹיבְּט דֶעם הַאר צְבָאוֹת, וָוארִין דֶער
הַאר אִיז גוּט, וָוארִין זַיין גְנָאד אִיז
אוֹיף אֵייבִּיג, פוּן דִיא וָואס בְּרֶענְגֶען
אֵיין דַאנְק־אָפְּפֶער אִין דֶעם הוֹיז פוּן
דֶעם הַאר, וָוארִין אִיךְ וֶועל צוּרִיק־
קֶעהְרֶען דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן
דֶעם לַאנְד וִויא אַם עֶרְשְׁטֶען, זָאגְט
דֶער הַאר:
12 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, עֶס
וֶועט נָאךְ זַיין אִין דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט,
וָואס עֶס אִיז וִויסְט, אָהְן מֶענְשֶׁען אוּנְד
אָהְן בְּהֵמוֹת, אוּנְד אִין אַלֶע זַיינֶע
שְׁטֶעט־אֵיינֶע וְואוֹינוּנְג (וֵוידֶע־פְּלַאץ)
פוּן פַאסְטוּכֶער וֶועלְכֶע לַאגֶערְן שָׁאף:
13 אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן דֶעם בַּארְג,
אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן דֶעם נִידֶערִיגֶען
לַאנְד, אוּנְד אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן דָרוֹם־
זַייט אוּנְד אִין דֶעם לַאנְד פוּן בִּנְיָמִן,
אוּנְד אִין דִיא אוּמְגֶעגֶענְד פוּן יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה,
וֶועלֶען נָאךְ דוּרְכְגֵיין דִיא שָׁאף דוּרְךְ
דִיא הַאנְד פוּן דֶעם צֵיילֶער, זָאגְט
דֶער הַאר:
14 זֶעה, טֶעג קוּמֶען אָן, זָאגְט דֶער

האר, אַזוי װָעל אִיךְ בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען דָאס גוּטֶע װָארְט, װָאס אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט װָעגֶען דֶעם הויז יִשְׂרָאֵל, אוּנְד װָעגֶען דֶעם הויז יְהוּדָה ׃

15 אִין יֶענֶע טֶעג, אוּנְד אִין יֶענֶער צייט װָעל אִיךְ מַאכֶען שְׁפְּרָאצֶען פוּן דָוִד אֵיין שְׁפְּרָאצוּנְג פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד עֶר װָעט טְהוּן מִשְׁפָּט אוּנְד צְדָקָה אִין דֶעם לַאנְד ׃

16 אִין יֶענֶע טֶעג װָעט יְהוּדָה גֶעהָאלְפֶען װָערֶען, אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם װָעט װָאוֹינֶען אִין זִיכֶערְהֵייט, אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע אִיז װָאס מֶען װָעט צוּ אִיהְר רוּפֶען ; יְהוָֹה אוּנְזֶערֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט ׃

17 װָארִין אַזוי זָאגְט דֶער האר, עֶס װָעט פוּן דָוִד נִיט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען װָערֶען אֵיין מַאן װָאס זִיצְט אויף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן דֶעם הויז יִשְׂרָאֵל ׃

18 אוּנְד צוּ דִיא כֹּהֲנִים דִיא לְוִיִם װָעט נִיט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען װָערֶען אֵיין מַאן פַאר מִיר, װָאס בְּרֶענְגְט אויף בְּרַאנְד־אָפְּפֶער (עוֹלָה) אוּנְד רֵייכֶערְט שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער (מִנְחָה) אוּנְד מַאכְט שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער (זְבָחִים) אַלֶע טֶעג ׃

19 אוּנְד דָאס װָארְט פוּן דֶעם האר אִיז גֶעװֶעזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ אַזוי צוּ זָאגֶען ׃

20 אַזוי זָאגְט דֶער האר, װֶען אִיהְר װֶעט צוּשְׁטֶערֶען מֵיין בְּרִית מִיט דֶעם טָאג, אוּנְד מֵיין בְּרִית מִיט דִיא נַאכְט, דָאס עֶס זָאל נִיט זֵיין נִיט טָאג אוּנְד נִיט נַאכְט אִין זֵייעֶר צייט ׃

21 אַזוי זָאל אויךְ מֵיין בְּרִית מִיט מֵיין קְנֶעכְט דָוִד צוּשְׁטֶערְט װֶערֶען, דָאס עֶס זָאל צוּ אִיהְם נִיט זֵיין אֵיין זוּהְן װָאס װָעט קֶענִיגֶען אויף זֵיין שְׁטוּהְל, אוּנְד מִיט דִיא לְוִיִם, דִיא כֹּהֲנִים װָאס בֶּעדִינֶען מִיךְ ׃

22 אַזוי װִיא מֶען קֶען נִיט צֵיילֶען דִיא חַיָלוֹת פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד עֶס קֶען נִיט גֶעמָאסְטֶען װֶערֶען דֶער זַאמְד פוּן דֶעם יַם, אַזוי װֶעל אִיךְ פֶערְמֶעהְרֶען דִיא זָאמֶען (קִינְדֶער) פוּן מֵיין קְנֶעכְט דָוִד אוּנְד דִיא לְוִיִם װָאס װֶעלֶען מִיךְ בֶּעדִינֶען ׃

23 אוּנְד דָאס װָארְט פוּן דֶעם האר אִיז גֶעװֶעזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ, אַזוי צוּ זָאגֶען ׃

24 הָאסְט דוּא דֶען נִיט גֶעזֶעהֶען דָאס װָאס דָאזִיגֶע פָאלְק הָאט גֶערֶעט, אַזוי צוּ זָאגֶען, דִיא צְװֵייא מִשְׁפָּחוֹת װֶעלְכֶע דֶער האר הָאט אויסְדֶערְװֶעהְלְט הָאט עֶר אויךְ פֶערְ־הַאסְט, אוּנְד מֵיין פָאלְק פֶערַאכְטֶען זֵייא דָאס עֶס זָאל נִיט מֶעהְר זֵיין אֵיין פָאלְק פַאר זִיךְ אַלֵיין ׃

25 אַזוי זָאגְט דֶער האר, װֶען אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעמַאכְט מֵיין בְּרִית פוּן טָאג אוּנְד נַאכְט, דָאס גֶעזֶעץ פוּן הִימֶעל אוּנְד עֶרְד ׃

26 אַזוי װֶעל אִיךְ אויךְ דִיא קִינְדֶער פוּן יַעֲקֹב אוּנְד מֵיין קְנֶעכְט דָוִד פֶערְװַארְפֶען, פוּן צוּ נֶעמֶען פוּן זֵיינֶע קִינְדֶער הֶערְשֶׁער אִיבֶּער דִיא קִינְדֶער פוּן אַבְרָהָם, יִצְחָק אוּנְד יַעֲקֹב, װָארִין אִיךְ װֶעל צוּרִיקְקֶעהְרֶען זֵייעֶרֶע גֶע־פַאנְגֶענְשַׁאפְט, אוּנְד אִיךְ װֶעל מִיךְ אִיבֶּער זֵייא דֶערְבַּארֶעמֶען ׃

## קאפיטעל לד

1 דָאס אִיז דָאס װָארְט װָאס אִיז גֶע־װֶעזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ פוּן דֶעם האר, װֶען נְבוּכַדְרֶאצַר, דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל מִיט זֵיין גַאנְצֶען חַיִל אוּנְד מִיט אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶען פוּן דִיא עֶרְד, װָאס זֶענֶען אוּנְטֶער דִיא הֶערְשַׁאפְט פוּן זֵיינֶע הַאנְד

אוּנְד װען אַלֶע פֶֿעלְקֶער הָאבֶּען מִלְחָמָה
גֶעהאַלְטֶען קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד קֶעגֶען
אַלֶע אִיהְרֶע שְׁטֶעט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט
פוּן יִשְׂרָאֵל, דוּא זָאלְסְט גֵיין אוּנְד
זָאגֶען צוּ צִדְקִיָּהוּ, דֶעם קֶענִיג פוּן
יְהוּדָה, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהְם
זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר זֶעה, אִיךְ
גִיבּ אִיבֶּער דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט אִין דִיא
הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, דָאס
עֶר זָאל זִיא פֶערְבְּרֶענֶען מִיט פַייעֶר:
3 אוּנְד דוּא װעסְט נִיט עֶנְטְרִינֶען
פוּן זַיינֶע הַאנְד, נֵייעֶרְט, דוּא
װעסְט גֶעװִיס בֶּעצְװאוּנְגֶען װערֶען,
אוּנְד אִין זַיינֶע הַאנְד װעסְט דוּא גֶע־
גֶעבֶּען װערֶען, אוּנְד דַיינֶע אוֹיגֶען
װעלֶען זֶעהֶען דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם
קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אוּנְד זַיין מוֹיל װעט
רֶעדֶען צוּ דַיין מוֹיל, אוּנְד דוּא װעסְט
קֵיין בָּבֶל קוּמֶען:
4 נָאר הֶער צוּ דָאס װָארְט פוּן דֶעם
הַאר, דוּא צִדְקִיָּהוּ קֶענִיג פוּן יְהוּדָה!
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר אוֹיף דִיר, דוּא
װעסְט נִיט שְׁטַארְבֶּען דוּרְךְ דֶעם שְׁװערְד:
5 אִין פְרִידֶען װעסְט דוּא שְׁטַארְבֶּען,
אוּנְד אַזוֹי װִיא דִיא בְּרֶענוּנְגֶען פוּן
דַיינֶע עֶלְטֶערְן, דִיא עֶרְשְׁטֶע מְלָכִים,
װָאס זֶענֶען גֶעװעזֶען פַאר דִיר, אַזוֹי
װעט מֶען דִיךְ פֶערְבְּרֶענֶען, אוּנְד מֶען
װעט אִיבֶּער דִיר קְלָאגֶען, אוֹי װֵייא
הַאר! װָארִין אִיךְ הָאבּ דָאס װָארְט
גֶערֶעט, זָאגְט דֶער הַאר:
6 אוּנְד יִרְמְיָהוּ דֶער נָבִיא הָאט גֶע־
רֶעט צוּ צִדְקִיָּהוּ, דֶעם קֶענִיג פוּן
יְהוּדָה, אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע רֵייד אִין
יְרוּשָׁלַיִם:
7 אוּנְד דָאס חַיִל פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן
בָּבֶל הַאלְטֶען מִלְחָמָה קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם
אוּנְד קֶעגֶען אַלֶע שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה דִיא
װָאס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, קֶעגֶען
לָכִישׁ אוּנְד קֶעגֶען עֲזֵקָה, װָארִין זֵייא
זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אוּנְטֶער דִיא
שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה אַלְס בֶּעפֶעסְטִיגְטֶע
שְׁטֶעט:
8 דָאס אִיז דָאס װָארְט װָאס אִיז גֶע־
װעזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ פוּן דֶעם הַאר, נָאךְ
דֶעם װען דֶער קֶענִיג צִדְקִיָּהוּ הָאט
כּוֹרֵת בְּרִית גֶעװעזֶען מִיט דֶעם גַאנְצֶען
פָאלְק װָאס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם, כְּדֵי
אוֹיסְצוּרוּפֶען פְרֵייהֵייט פַאר זֵייא:
9 דָאס יֶעדֶער מֶענְשׁ זָאל אַרוֹיסְ־
שִׁיקֶען זַיין קְנֶעכְט, אוּנְד יֶעדֶערֶער זַיין
דִינְסְט דֶעם יְהוּדִי אוּנְד דִיא יְהוּדִית
פְרֵייא; דָאס קֵיין מֶענְשׁ זָאל נִיט
אַרְבֶּעטֶען מִיט זַיין יוּדִישֶׁען בְּרוּדֶער:
10 אוּנְד אַלֶע פִירְשְׁטֶען אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק װָאס זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין
דֶעם בְּרִית הָאבֶּען צוּגֶעהֶערְט דָאס
יֶעדֶער מֶענְשׁ זָאל אַרוֹיסְשִׁיקֶען זַיין
קְנֶעכְט אוּנְד יֶעדֶערֶער זַיין דִינְסְט
פְרֵייא, דָאס מֶען זָאל מִיט זֵייא מֶעהְר
נִיט אַרְבֶּעטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ־
גֶעהֶערְט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא פְרֵייא
אַװעקְגֶעשִׁיקְט:
11 אָבֶּער נָאךְ דֶעם הָאבֶּען זֵייא זִיךְ
אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ־
רִיקְגֶעקֶעהְרְט דִיא קְנֶעכְט אוּנְד דִיא
דִינְסְטֶען װָאס זֵייא הָאבֶּען פְרֵייא
גֶעשִׁיקְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא בֶּע־
צְװאוּנְגֶען פַאר קְנֶעכְט אוּנְד פַאר
דִינְסְטֶען:
12 אוּנְד דָאס װָארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעװעזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ פוּן דֶעם
הַאר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

13 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט
פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיךְ הָאבּ פֶערְשְׁנִיטֶען אַיין
בְּרִית מִיט אֵייעֶרע עֶלְטֶערְן אִין דֶעם
טָאג וָואס אִיךְ הָאבּ זֵייא אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט
פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, פוּן דֶעם הוֹיז
פוּן קְנֶעכְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
14 אִין דֶעם עֶנְד פוּן זִיבֶּען יָאהְר
זָאלְט אִיהְר פְרֵייא שִׁיקֶען יֶעדֶער מַאן
זֵיין בְּרוּדֶער דֶעם יְהוּדִי, וָואס וֶועט
זִיךְ צוּ דִיר פֶערְקוֹיפֶען, אוּנְד וֶוען
עֶר הָאט דִיר גֶעדִינְט זֶעקְס יָאהְר
אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אִיהְם פְרֵייא אַוֶועקְ־
שִׁיקֶען פוּן דִיר, אָבֶּער אֵייעֶרע עֶלְטֶערְן
הָאבֶּען מִיךְ נִיט גֶעהֶערְט אוּנְד הָאבֶּען
נִיט גֶענֵייגְט זֵייעֶר אוֹיעֶר:
15 אָבֶּער אִיהְר הָאט אֵייךְ הֵיינְט
אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעטְהוּן
דִיא רֶעכְטפַארְטִיגְקֵייט אִין מֵיינֶע
אוֹיגֶען אוֹיסְצוּרוּפֶען פְרֵייהֵייט יֶעדֶער
מַאן צוּ זֵיין חַבֵר, אוּנְד אִיהְר הָאט
פֶערְשְׁנִיטֶען אַיין בְּרִית פַאר מִיר אִין
דֶעם הוֹיז וָואס מֵיין נָאמֶען אִיז אוֹיף
אִיהְם גֶערוּפֶען:
16 דָאךְ הָאט אִיהְר אֵייךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
אוּנְד אִיהְר הָאט פֶערְשְׁוַואכְט מֵיין
נָאמֶען, אוּנְד אִיהְר הָאט צוּרִיקְגֶענוּמֶען
יֶעדֶער מַאן זֵיין קְנֶעכְט אוּנְד יֶעדֶער
מַאן זֵיין דִינְסְט וָואס אִיהְר הָאט זֵייא
פְרֵייא גֶעשִׁיקְט צוּ זֵייעֶר ווילֶען, אוּנְד
אִיהְר הָאט זֵייא בֶּעצְוִואוּנְגֶען צוּ
(זֵיין) קְנֶעכְט אוּנְד צוּ דִינְסְטֶען:
17 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר,
אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט צוּ גֶעהֶערְט אוֹיס־
צוּרוּפֶען פְרֵייהֵייט, יֶעדֶער צוּ זֵיין
בְּרוּדֶער אוּנְד יֶעדֶער צוּ זֵיין חַבֵר
(גֶעכְּסְטֶען), זֶעה, אַזוֹי רוּף אִיךְ אוֹיס
פְרֵייהֵייט צוּ אֵייךְ, זָאגְט דֶער הַאר,
צוּ דֶעם שְׁוֶוערְד, צוּ דֶעם מָארְד (פֶּעסְט)
אוּנְד צוּ דֶעם הוּנְגֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל
אֵייךְ גֶעבֶּען צוּ צִיטֶערְנִישׁ (שׁוֹידֶער)
פַאר אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶען פוּן דֶער עֶרְד:
18 אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען דִיא מֶענֶער,
וָואס הָאבֶּען עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען מֵיין בְּרִית,
וָואס זֵייא הָאבֶּען נִיט בֶּעשְׁטֶעטִיגְט
דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם בְּרִית, וָואס
זֵייא הָאבֶּען פַאר מִיר פֶערְשְׁנִיטֶען
(גֶעשְׁלָאסֶען), וֶוען זֵייא הָאבֶּען אַיין
קַאלְבּ אוֹיף צְוֵוייא שְׁטִיקֶער צוּשְׁנִיטֶען,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען צְוִוישֶׁען
זֵיינֶע שְׁטִיקֶער:
19 דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן יְהוּדָה אוּנְד
דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, דִיא
הוֹיפ־בֶּעדִינְטֶע אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס זֶענֶען דוּרְכְ־
גֶעגַאנְגֶען צְוִוישֶׁען דִיא שְׁטִיקֶער פוּן
דֶעם קַאלְבּ:
20 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען
אִין דִיא הַאנְד פוּן זֵייעֶרע פֵיינְד, אוּנְד
אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא וָואס בֶּעגֶעהְרֶען
זֵייעֶרע זֶעלֶע, אוּנְד זֵייעֶרע טוֹיטֶע קֶערְ־
פֶּערְס וֶועלֶען זֵיין צוּ דֶעם עֶסֶען צוּ
דִיא פֵייגֶעל פוּן (אוּנְטֶער) דֶעם הִימֶעל
אוּנְד צוּ דִיא בְּהֵמוֹת פוּן דֶער עֶרְד:
21 אוּנְד צִדְקִיָּהוּ, דֶעם קֶענִיג פוּן
יְהוּדָה, אוּנְד זֵיינֶע פִירְשְׁטֶען וֶועל אִיךְ
אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן זֵייעֶרע
פֵיינְד אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא
וָואס בֶּעגֶעהְרֶען זֵייעֶרע זֶעלֶע, אוּנְד
אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם חַיִל פוּן
דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל וָואס הָאבֶּען
אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען פוּן אֵייךְ:
22 זֶעה, אִיךְ גֶעבִּיט, זָאגְט דֶער הַאר,
אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען צוּ
דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען


קעגען

קֶענֶען אִיהר מִלְחָמָה הַאלְטֶען אוּנְד
זִיא אַיינְנֶעמֶען, אוּנְד זַייא װעלֶען זַייא
פֶערבְּרֶענֶען מִיט פַייעֶר, אוּנְד דִיא
שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה װעל אִיךְ מַאכֶען
װיסְט, אָהְן אֵיינְװאוֹינֶער׃

## קאפיטעל לה

1 דָאס אִיז דָאס װָארְט װָאס אִיז גֶע־
װעזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ פוּן דֶעם הַאר, אִין
דִיא טֶעג פוּן יְהוֹיָקִים, דֶער זוּהְן פוּן
יֹאשִׁיָהוּ, דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען׃
2 דוּא זָאלְסְט גֵיין צוּ דֶעם הויז פוּן
דִיא רֵכָבִים, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זַייא
רֶעדֶען אוּנְד זָאלְסְט זַייא בְּרֶענְגֶען אִין
דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר, אִין אֵיינֶעם
פוּן דִיא קַאמֶערְן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
זַייא אָנְטְרִינְקֶען מִיט װיין׃
3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען דֶעם יַאֲזַנְיָה,
דֶעם זוּהְן פוּן יִרְמְיָהוּ, דֶעם זוּהְן פוּן
חֲבַצִּנְיָה, אוּנְד אַלֶע זַיינֶע בְּרִידֶער
אוּנְד אַלֶע זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע הויזְגֶעזִינְד פוּן דִיא רֵכָבִים׃
4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא גֶעבְּרֶענְגְט אִין
דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר, אִין דִיא
קַאמֶער פוּן דִיא זִיהְן פוּן חָנָן, דֶער
זוּהְן פוּן יִגְדַּלְיָהוּ דֶער גֶעטְלִיכֶער מַאן,
װָאס אִיז גֶעװעזֶען בַּייא דֶער קַאמֶער
פוּן דִיא פִירְשְׁטֶען, װָאס אִיז אִיבֶּער
דֶער קַאמֶער פוּן מַעֲשֵׂיָהוּ, דֶער זוּהְן
פוּן שַׁלֻּם, דֶער הִיטֶער פוּן דֶער שְׁװעל׃
5 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען פַאר דִיא
זִיהְן פוּן דֶעם הויז פוּן דִיא רֵכָבִים
קַאנֶען פִיל מִיט װיין אוּנְד בֶּעכֶערְס,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
טְרִינְקְט װיין!
6 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט מִיר
װעלֶען נִיט טְרִינְקֶען קֵיין װיין, װָארִין
יוֹנָדָב דֶער זוּהְן פוּן רֵכָב, אוּנְזֶער
פָאטֶער, הָאט אוּנְס פֶערבָּאטֶען אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, אִיהְר זָאלְט נִיט טְרִינְקֶען
קֵיין װיין, אִיהְר אוּנְד אֵיירֶע קִינְדֶער
בִּיז אֵייבִּיג׃
7 אוּנְד קֵיין הויז זָאלְט אִיהְר נִיט
בּויעֶן, אוּנְד קֵיין זָאמֶען זָאלְט אִיהְר
זֵייעֶן, אוּנְד װיינְגֶערְטֶען זָאלְט אִיהְר
נִיט פְּלַאנְצֶען, אוּנְד עֶס זָאל אוֹיךְ צוּ
אֵייךְ נִיט זַיין, גֵייעֶרְט אִין גֶעצֶעלְטֶען
זָאלְט אִיהְר זִיצֶען אַלֶע אֵיירֶע טֶעג,
כְּדֵי אִיהְר זָאלְט לֶעבֶּען פִיל טֶעג אוֹיף
דֶעם אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶער עֶרְד, װָאס
אִיהְר װאוֹינְט דָארְטֶען׃
8 אוּנְד מִיר הָאבֶּען צוּגֶעהֶערְט צוּ
דֶעם קוֹל פוּן יְהוֹנָדָב, דֶער זוּהְן פוּן
רֵכָב, אוּנְזֶער פָאטֶער, צוּ אַלֶעם װָאס
עֶר הָאט אוּנְס גֶעבָּאטֶען, דָאס מִיר
זָאלֶען קֵיין װיין טְרִינְקֶען אַלֶע אוּנְזֶערֶע
טֶעג, מִיר, אוֹיךְ נִיט אוּנְזֶערֶע װייבֶּער,
אוּנְזֶערֶע זִיהְן אוּנְד אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער׃
9 אוּנְד דָאס מִיר זָאלֶען נִיט בּויעֶן
קֵיינֶע הֵייזֶער צוּ װאוֹינֶען אִין זַייא, אוּנְד
װיינְגֶערְטֶען אוּנְד פֶעלְדֶער אוּנְד
זָאמֶען זָאל צוּ אוּנְס אוֹיךְ נִיט זַיין׃
10 אוּנְד מִיר זִיצֶען (װאוֹינֶען) אִין
גֶעצֶעלְטֶען, אוּנְד מִיר הֶערֶען אוּנְד מִיר
טְהוּעֶן אַלֶעם אַזוֹי װיא אוּנְזֶער פָאטֶער
יוֹנָדָב הָאט אוּנְס גֶעבָּאטֶען׃
11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװעזֶען, װען
נְבוּכַדְרֶאצַר דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל אִיז
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם לַאנְד, אַזוֹי
הָאבֶּען מִיר גֶעזָאגְט, קוּמְט, אוּנְד מִיר
זָאלֶען קוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם פוּן װעגֶען
דֶעם חַיִל פוּן דִיא כַּשְׂדִים, אוּנְד פוּן
װעגֶען דֶעם חַיִל פוּן אֲרָם, אוּנְד אַזוֹי
װאוֹינֶען מִיר אִין יְרוּשָׁלַיִם׃

12 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען׃
13 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, דוּא זָאלְסְט גֵיין אוּנְד
דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ דִיא מֶענֶער פוּן
יְהוּדָה, אוּנְד צוּ דִיא אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן
יְרוּשָׁלַיִם, פַאר וָואס זָאלְט אִיהְר דֶען
קֵיין שְׁטְרָאפ־רֵייד נִיט גֶעמֶען צוּ הֶערֶען
צוּ מֵיינֶע וֶוערְטֶער? זָאגְט דֶער הַאר׃
14 עֶס זֶענֶען בֶּעשְׁטֶעטִיגְט גֶעוָוארֶען
דִיא וֶוערְטֶער פוּן יְהוֹנָדָב, דֶער זוּהְן
פוּן רֵכָב, וָואס עֶר הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ
זֵיינֶע קִינְדֶער, דָאס זַייא זָאלֶען קֵיין
וַויין נִיט טְרִינְקֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
נִיט גֶעטְרוּנְקֶען בִּיז צוּ דֶעם דָאזִיגֶען
טָאג, וַוייל זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָאס
גֶעבָּאט פוּן זֵייעֶר פָאטֶער, אָבֶּער אִיךְ
הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶערֶעט, אוּנְד גֶערֶעט
יֶעדֶען פְּרִיה־מָארְגֶען, אוּנְד אִיהְר הָאט
מִיךְ דָאךְ נִיט צוּגֶעהֶערְט׃
15 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט
אַלֶע מֵיינֶע קְנֶעכְט, דִיא נְבִיאִים, אוּנְד
וִוידֶער גֶעשִׁיקְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
קֶעהְרְט אֵייךְ צוּרִיק יֶעדֶער מַאן פוּן
זֵיין שְׁלֶעכְטֶען וֶועג, אוּנְד בֶּעסֶערְט
אוֹיס אֵיירֶע וֶוערְק, אוּנְד אִיהְר זָאלְט
נִיט נָאכְגֵיין נָאךְ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער זַייא
צוּ דִינֶען, אַזוֹי וֶועט אִיהְר בְּלֵייבֶּען אוֹיף
דֶעם לַאנְד, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען
צוּ אֵייךְ אוּנְד צוּ אֵיירֶע עֶלְטֶערְן,
אָבֶּער אִיהְר הָאט נִיט גֶענֵייגְט אֵיירֶע
אוֹירֶען, אוּנְד אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט צוּ־
גֶעהֶערְט׃
16 וָוארִין דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוֹנָדָב
דֶעם זוּהְן פוּן רֵכָב, הָאבֶּען מְקַיֵּים
גֶעוֶועזֶען דָאס גֶעבָּאט פוּן זֵייעֶר פָאטֶער,
וָואס עֶר הָאט זַייא גֶעבָּאטֶען, אוּנְד
דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק הָאט מִיךְ נִיט
צוּגֶעהֶערְט׃
17 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, זֶעה
אִיךְ בְּרֶענְג אוֹיף יְהוּדָה אוּנְד אוֹיף
אַלֶע דִיא אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם
דָאס גַאנְצֶע דָאזִיגֶע שְׁלֶעכְטֶעס, פוּן
וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט וֶועגֶען זַייא;
וַוייל אִיךְ הָאבּ צוּ זַייא גֶערֶעט, אָבֶּער
זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ צוּ זַייא גֶערוּפֶען, אָבֶּער זַייא
הָאבֶּען נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט׃
18 אוּנְד צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דִיא
רֵכָבִים הָאט יִרְמְיָהוּ גֶעזָאגְט, אַזוֹי
זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל, וַוייל אִיהְר הָאט צוּגֶעהֶערְט
אוֹיף דֶעם גֶעבָּאט פוּן אֵייעֶר פָאטֶער
יְהוֹנָדָב, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעהִיט אַלֶע
זֵיינֶע גֶעבָּאט, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶע־
טְהוּן אַלֶעס וָואס עֶר הָאט אֵייךְ גֶע־
בָּאטֶען׃
19 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, עֶס
זָאל קֵיין מַאן נִיט פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען
פוּן יוֹנָדָב, דֶעם זוּהְן פוּן רֵכָב, וָואס
זָאל פַאר מִיר שְׁטֵיין אַלֶע טֶעג׃

## קאפיטעל לו

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
פִירְטֶען יָאהְר פוּן יְהוֹיָקִים, דֶעם זוּהְן
פוּן יֹאשִׁיָּהוּ, דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה,
אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט
צוּ יִרְמְיָהוּ פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען׃
2 נֶעם דִיר אֵיין אוֹיפְגֶעוִויקֶעלְטֶעם
בּוּךְ (מְגִלָּה), אוּנְד דוּא זָאלְסְט דַארוֹיף
שְׁרֵייבֶּען אַלֶע דִיא וֶוערְטֶער וָואס אִיךְ

האב

האָב צו דיר גערעט וועגען ישראל, אונד וועגען יהודה, אונד וועגען אַלע פעלקער, פון דעם טאָג אָן וואָס איך האָב צו דיר גערעט—פון די טעג פון יואשיָהו ביז צו דעם דאָזיגען טאָג:

3 טאָמער וועלען דאָס הויזגעזינד פון יהודה הערען דאָס גאַנצע שלעכטעס, וואָס איך טראַכט זייא צו טהון, אונד זייא וועלען זיך צוריקקעהרען יעדערער פון זיין שלעכטען וועג, אונד אַזוי וועל איך פערגעבען זייערע שולד אונד זייערע זינד:

4 אונד ירמיָהו האָט גערופען צו ברוך, דעם זוהן פון נריָה, אונד ברוך האָט געשריבען פון דעם מויל פון ירמיָהו, אַלע די ווערטער פון דעם האַר, וואָס ער האָט צו איהם גערעט, אויף איין מגלה:

5 אונד ירמיָהו האָט געבאָטען צו ברוך אַזוי צו זאָגען, איך בין איינגעשלאָסען אונד איך קען ניט קומען אין דעם הויז פון דעם האַר:

6 אונד אַזוי זאָלסט דוא קומען, אונד דוא זאָלסט לייענען אין די מגלה וואָס דוא האָסט געשריבען פון מיין מויל, די ווערטער פון דעם האַר, אין די אויהרען פון דעם פאָלק אין דעם הויז פון דעם האַר, אין איין פאַסט־טאָג, אונד אויך פאַר די אויהרען פון גאַנץ יהודה, וואָס זענען געקומען פון זייערע שטעט, זאָלסט דוא זייא לייענען:

7 טאָמער וועט זייער געבעט פאַלען פאַר דעם האַר, אונד זייא וועלען זיך צוריקקעהרען יעדער מאַן פון זיין שלעכטען וועג, וואָרין דער צאָרן אונד דער גרימצאָרן איז גרויס, וואָס דער האַר האָט גערעט אויף דעם דאָזיגען פאָלק:

8 אונד ברוך דער זוהן פון נריָה האָט געטהון, אַלעס אַזוי וויא דער נביא ירמיָהו האָט איהם געבאָטען, צו לייענען אין דעם ספר די ווערטער פון דעם האַר אין דעם הויז פון דעם האַר:

9 אונד עס איז געוועזען אין דעם פיפטען יאָהר פון יהויָקים, דעם זוהן פון יאשיָהו, דער קעניג פון יהודה, אין דעם נייונטען חודש, האָבען זייא אויסגערופען איין פאַסט־טאָג פאַר דעם האַר, דאָס גאַנצע פאָלק וואָס וואַר אין ירושלים, אונד דאָס גאַנצע פאָלק וואָס זענען געקומען פון די שטעט פון יהודה נאָך ירושלים:

10 אונד ברוך האָט געלייענט אין דעם ספר די ווערטער פון ירמיָהו, אין דעם הויז פון דעם האַר, אין דער קאַמער פון גמריָהו, דער זוהן פון שפן דעם שרייבער, אין דעם אויבערשטען הויף אין דעם אַריינגאַנג פון דעם נייעם טויער פון דעם הויז פון דעם האַר, פאַר די אויהרען פון דעם גאַנצען פאָלק:

11 אונד מכיָהו, דער זוהן פון גמריָהו, דער זוהן פון שפן האָט געהערט אַלע די ווערטער פון דעם האַר, אויס דעם ספר:

12 אונד ער האָט אַראָפּגענידערט אין דעם הויז פון דעם קעניג, צו דער קאַמער פון דעם שרייבער, אונד דאָרטען זענען געזעסען אַלע פירשטען, אֱלישמע דער שרייבער, אונד דליָהו דער זוהן פון שמעיָהו, אונד אֶלנתן, דער זוהן פון עכבור, אונד גמריָהו, דער זוהן פון שפן, אונד צדקיָהו, דער

זוהן

זוּהְן פוּן חֲנַנְיָהוּ אוּנְד אַלֶע פִירְשְׁטֶען:

13 אוּנְד מִיכָיְהוּ הָאט זַייא דֶערְצֵיילְט אַלֶע דִיא וֶוערְטֶער וָואס עֶר הָאט גֶעהֶערְט וֶוען בָּרוּךְ הָאט גֶעלֵיינְט פוּן דֶעם סֵפֶר פַאר דִיא אויגֶען פוּן דֶעם פָאלְק:

14 אוּנְד אַלֶע פִירְשְׁטֶען הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט צוּ בָּרוּךְ, דֶעם יְהוּדִי, דֶער זוּהְן פוּן נְתַנְיָהוּ, דֶער זוּהְן פוּן שֶׁלֶמְיָהוּ, דֶער זוּהְן פוּן כּוּשִׁי, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דִיא מְגִלָּה פוּן וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט אִין אִיהְר גֶעלֵיינְט פַאר דִיא אויעֶרֶען פוּן דֶעם פָאלְק, נֶעם זִיא אִין דֵיינֶע הַאנְד אוּנְד גֵייא, אוּנְד בָּרוּךְ דֶער זוּהְן פוּן נֵרִיָּהוּ הָאט גֶענוּמֶען דִיא מְגִלָּה אִין זַיינֶע הַאנְד אוּנְד עֶר אִיז צוּ זַייא גֶעקוּמֶען:

14 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעץ דִיךְ אַנִידֶער אוּנְד לֵיין זִיא פַאר אוּנְזֶערֶע אויעֶרֶען; אוּנְד בָּרוּךְ הָאט זִיא גֶעלֵיינְט פַאר זֵייעֶרֶע אויעֶרֶען:

16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַלֶע דִיא וֶוערְטֶער, הָאבֶּען זַייא זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען אֵיינֶער פַאר דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ בָּרוּךְ, מִיר וֶועלֶען גֶעוִויס דֶערְצֵיילֶען צוּ דֶעם קֶענִיג אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער:

17 אוּנְד דֶעם בָּרוּךְ הָאבֶּען זַייא גֶעפְרֶעגְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶערְצֵייל אוּנְס דָאךְ וִויא אַזוֹי הָאסְט דוּא גֶעשְׁרִיבֶּען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער פוּן זַיין מויל?

18 אוּנְד בָּרוּךְ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, פוּן זַיין מויל הָאט עֶר מִיר גֶעלֵיינְט אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף דֶעם סֵפֶר מִיט טִינְט:

19 אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ בָּרוּךְ, גֵייא אוּנְד בֶּעהַאלְט דִיךְ, דוּא אוּנְד יִרְמְיָהוּ, דָאס קֵיין מֶענְשׁ זָאל נִיט וִויסֶען וְואוּ אִיהְר זֶענְט:

20 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם קֶענִיג אִין דֶעם הוֹיף אַרֵיין, אוּנְד דִיא מְגִלָּה הָאבֶּען זַייא בֶּעהַאלְטֶען אִין דֶער קַאמֶער פוּן אֱלִישָׁמָע דֶעם שְׁרֵייבֶּער, אוּנְד זַייא הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט אִין דִיא אויעֶרֶען פוּן דֶעם קֶענִיג אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער:

21 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעשִׁיקְט דֶעם יְהוּדִי, דָאס עֶר זָאל נֶעמֶען דִיא מְגִלָּה, אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶענוּמֶען פוּן דֶער קַאמֶער פוּן דֶעם אֱלִישָׁמָע דֶעם שְׁרֵייבֶּער, אוּנְד יְהוּדִי הָאט זִיא גֶעלֶעזֶען אִין דִיא אויעֶרֶען פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד אִין דִיא אויעֶרֶען פוּן אַלֶע פִירְשְׁטֶען וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶעם קֶענִיג:

22 אוּנְד דֶער קֶענִיג אִיז גֶעזֶעסֶען אִין דֶעם ווינְטֶער־הויז, אִין דֶעם נֵיינְטֶען חֹדֶשׁ, אוּנְד דֶער פֵייעֶר־טָאפּ הָאט פַאר אִיהְם גֶעבְּרֶענְט:

23 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען יְהוּדִי הָאט גֶעלֵיינְט דְרֵייא אָדֶער פִיר זֵייטֶען הָאט עֶר זַייא צוּרִיסֶען מִיט דֶעם שְׁרֵייבֶּערְס מֶעסֶער אוּנְד עֶר הָאט זַייא אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין דֶעם פֵייעֶר אַרֵיין וָואס עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם פֵייעֶר־טָאפּ בִּיז דִיא מְגִלָּה אִיז אִין גַאנְצֶען פֶערבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם פֵייעֶר וָואס עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם פֵייעֶר־טָאפּ:

24 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט דֶערְשְׁרָאקֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זֵייעֶרֶע

קְלֵיידֶער נִיט צוּרִיסֶען, נִיט דֶער קֶענִיג
אוּנְד נִיט אַלֶע זֵיינֶע קְנֶעכְט וָואס
הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע
ווערְטֶער:
25 אוּנְד אוֹיךְ וֶוען אֶלְנָתָן אוּנְד דְלָיָהוּ
אוּנְד גְמַרְיָהוּ הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען דֶעם
קֶענִיג דָאס מֶען זָאל נִיט פֶערְבְּרֶענֶגען
דִיא מְגִלָּה, הָאט עֶר זֵייא דָאךְ נִיט
צוּגֶעהֶערְט:
26 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעבָּאטֶען
דֶעם יְרַחְמְאֵל, דֶער זוּהְן פוּן דֶעם
קֶענִיג, אוּנְד שְׂרָיָהוּ, דֶעם זוּהְן פוּן
עַזְרִיאֵל, אוּנְד שֶׁלֶמְיָהוּ דֶעם זוּהְן פוּן
עַבְדְאֵל, דָאס מֶען זָאל נֶעמֶען בָּרוּךְ
דֶעם שְׁרֵייבֶּער, אוּנְד יִרְמְיָהוּ דֶעם נָבִיא,
אָבֶּער דֶער הַאר הָאט זֵייא בֶּעהַאלְטֶען:
27 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ, נָאכְדֶעם וִויא
דֶער קֶענִיג הָאט פֶערְבְּרֶענְט דִיא
מְגִלָּה, אוּנְד דִיא ווערְטֶער וָואס בָּרוּךְ
הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען פוּן דֶעם מוֹיל פוּן
יִרְמְיָהוּ אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
28 קֶעהְר דִיךְ צוּרִיק אוּנְד נֶעם צוּ
דִיר אֵיינֶע אַנְדֶערֶע מְגִלָּה, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט אוֹיף אִיהְר שְׁרֵייבֶּען אַלֶע דִיא
עֶרְשְׁטֶע ווערְטֶער, וָואס זֵייא זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אוֹיף דִיא עֶרְשְׁטֶע מְגִלָּה,
וָואס יְהוֹיָקִים דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה
הָאט פֶערְבְּרֶענְט:
29 אוּנְד וֶועגֶען יְהוֹיָקִים דֶעם
קֶענִיג פוּן יְהוּדָה זָאלְסְט דוּא
זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דוּא
הָאסְט פֶערְבְּרֶענְט דִיא דָאזִיגֶע מְגִלָּה
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וַוארוּם הָאסְט דוּא
אוֹיף דִיא דָאזִיגֶע מְגִלָּה גֶעשְׁרִיבֶּען
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל
וֶועט גֶעווִיס קוּמֶען, אוּנְד עֶר וֶועט
פֶערְדַארְבֶּען דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד, אוּנְד
עֶר וֶועט פוּן אִיהְר פֶערְטִילְגֶען דִיא
מֶענְשֶׁען אוּנְד דִיא בְּהֵמוֹת:
30 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, אוֹיף
יְהוֹיָקִים דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, עֶס
זָאל צוּ אִיהְם נִיט זֵיין אֵיינֶער וָואס
זָאל זִיצֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן דָוִד,
אוּנְד זֵיין טוֹיטֶער קֶערְפֶּער (נְבֵלָה)
זָאל גֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען צוּ דִיא הִיץ פוּן
דֶעם טָאג אוּנְד צוּ דִיא קֶעלְט פוּן
דֶער נַאכְט:
31 אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיף אִיהְם בֶּעֶ־
פֶעהְלֶען (שְׁטְרָאף בְּרֶענְגֶען), אוּנְד אוֹיף
זֵיינֶע זָאמֶען (קִינְדֶער), אוּנְד אוֹיף זֵיינֶע
קְנֶעכְט וֶועגֶען זֵייעֶר שׁוּלְד, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אוֹיף זֵייא בְּרֶענְגֶען אוּנְד אוֹיף
דִיא אֵיינְוואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
אוֹיף דִיא מֶענֶער פוּן יְהוּדָה דָאס
גַאנְצֶע שְׁלֶעכְטֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ
זֵייא גֶערֶעדט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט
צוּגֶעהֶערְט:
32 אוּנְד יִרְמְיָהוּ הָאט גֶענוּמֶען אֵיינֶע
אַנְדֶערֶע מְגִלָּה, אוּנְד עֶר הָאט זִיא
גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם בָּרוּךְ, דֶעם זוּהְן פוּן
נֵרִיָּהוּ, דֶעם שְׁרֵייבֶּער, אוּנְד עֶר הָאט
אוֹיף אִיהְר גֶעשְׁרִיבֶּען פוּן דֶעם מוֹיל
פוּן יִרְמְיָהוּ, אַלֶע דִיא ווערְטֶער פוּן
דֶעם סֵפֶר וָואס יְהוֹיָקִים דֶער קֶענִיג
פוּן יְהוּדָה הָאט פֶערְבְּרֶענְט אִין דֶעם
פֵייעֶר, אוּנְד מֶען הָאט נָאךְ צוּ זֵייא
צוּגֶעגֶעבֶּען פִיל ווערְטֶער אַזוֹי וִויא
דִיא דָאזִיגֶע:

## קאפיטעל לז

1 אוּנְד צִדְקִיָּהוּ דֶער זוּהְן פוּן יֹאשִׁיָּהוּ
אִיז גֶעוָוארֶען קֶענִיג אַנְשְׁטָאט כָּנְיָהוּ,
דֶעם זוּהְן פוּן יְהוֹיָקִים, וָואס נְבוּכַדְרֶאצַּר
דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט אִיהְם

גֶעמַאכְט קֶענִיגֶען אִין דֶעם לַאנְד פוּן יְהוּדָה׃

2 אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעהֶערְט, נִיט עֶר אָדֶער זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד דָאס פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד, צוּ דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם הַאר, וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט דוּרְךְ דֶעם נָבִיא יִרְמְיָהוּ׃

3 אוּנְד דֶער קֶענִיג צִדְקִיָהוּ הָאט גֶעשִׁיקְט יְהוּכַל, דֶעם זוּהְן פוּן שֶׁלֶמְיָה, אוּנְד צְפַנְיָהוּ, דֶעם זוּהְן פוּן מַעֲשֵׂיָה, דֶעם כֹּהֵן, צוּ דֶעם נָבִיא יִרְמְיָהוּ אַזוֹי צוּ זָאגֶען, בֶּעט דָאךְ פַאר אוּנְס צוּ דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט׃

4 אוּנְד יִרְמְיָהוּ פְלֶעגְט אַרֵיינְצוּקוּמֶען אוּנְד אַרוֹיסְצוּגֵיין צְוִוישֶׁען דֶעם פָאלְק, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט אַרֵיינְגֶעגֶעבֶּען אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם גֶעפֶענְגֶענִים׃

5 אוּנְד דָאס חַיִל פוּן פַּרְעֹה אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד וֶוען דִיא כַּשְׂדִים וָואס זַייא הָאבֶּען בֶּעלַאגֶערְט יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען גֶעהֶערְט זַייעֶר הֶערוּנְג, זֶענֶען זַייא אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם׃

6 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ דֶעם נָבִיא יִרְמְיָהוּ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

7 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר זָאגֶען צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, וָואס עֶר הָאט אֵייךְ גֶעשִׁיקְט צוּ מִיר, מִיךְ צוּ פָארְשֶׁען; זֶעה, דָאס חַיִל פוּן פַּרְעֹה, וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אֵייךְ צוּ הִילְף, קֶעהְרְט זִיךְ צוּרִיק צוּ זַיין לַאנְד מִצְרַיִם׃

8 אוּנְד דִיא כַּשְׂדִים וֶועלֶען וִוידֶער קוּמֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען מִלְחָמָה הַאלְטֶען אוּיף דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט, אוּנְד זַייא וֶועלֶען זִיא אֵיינְנֶעמֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען זִיא פֶערְבְּרֶענֶען אִין דֶעם פֵייעֶר׃

9 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, פֶערְפִיהְרְט אֵייךְ נִיט אַלֵיין אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דִיא כַּשְׂדִים וֶועלֶען גֶעוִויס פוּן אוּנְס אַוֶועקְגֵיין, וָוארִין זַייא וֶועלֶען נִיט אַוֶועקְגֵיין׃

10 וָוארִין וֶוען אִיהְר זָאלְט זָאגַאר שְׁלָאגֶען דָאס גַאנְצֶע חַיִל פוּן דִיא כַּשְׂדִים, וָואס הַאלְטֶען מִלְחָמָה מִיט אֵייךְ, אוּנְד עֶס וֶועלֶען אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען צְוִוישֶׁען זַייא צוּשְׁטָאכֶענֶע מֶענְשֶׁען, אַזוֹי וֶועט דָאךְ יֶעדֶער מַאן אִין זַיין גֶעצֶעלְט אוּיפְשְׁטֵיין, אוּנְד זַייא וֶועלֶען פֶערְבְּרֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט מִיט פֵייעֶר׃

11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דָאס חַיִל פוּן דִיא כַּשְׂדִים זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, פַאר דֶעם חַיִל פוּן פַּרְעֹה׃

12 אַזוֹי אִיז יִרְמְיָהוּ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, כְּדֵי צוּ גֵיין נָאךְ דֶעם לַאנְד בִנְיָמִן, צוּ נֶעמֶען זַיין עֶרְבְּטֵייל פוּן דָארְטֶען, פוּן צְוִוישֶׁען דֶעם פָאלְק׃

13 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם טוֹיעֶר פוּן בִנְיָמִן, אוּנְד דָארְטֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין אוּיפְגֶענוּמֶענֶער מַאן (בֶּעפֶעהְלְס־הָאבֶּער), אוּנְד זַיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶועזֶען יִרְאִיָּיה, דֶער זוּהְן פוּן שֶׁלֶמְיָה, דֶער זוּהְן פוּן חֲנַנְיָה, אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶענוּמֶען יִרְמְיָהוּ, דֶעם נָבִיא, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, צוּ דִיא כַּשְׂדִים ווִילְסְט דוּא צוּפַאלֶען?

14 אוּנְד יִרְמְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז פַאלְשׁ, אִיךְ וִויל נִיט צוּפַאלֶען צוּ דִיא כַּשְׂדִים, אָבֶּער עֶר הָאט אִיהְם

נִיט גֶעהֶערְט, אוּנְד יִרְאִיָּה הָאט אָנְ־
גֶענוּמֶען (אָנְגֶעגְרִיפֶען) יִרְמְיָהוּ, אוּנְד
עֶר הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ דִיא
פִּירְשְׁטֶען:
15 אוּנְד דִיא פִּירְשְׁטֶען הָאבֶּען גֶעְ־
צָארְנְט אוֹיף יִרְמְיָהוּ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אִין דֶעם גֶעפֶענְגֶענִים
אַרֵיין, אִין דֶעם הוֹיז פוּן יְהוֹנָתָן, דֶעם
שְׁרֵייבֶּער, וָוארִין דָאס הָאבֶּען זֵייא
גֶעמַאכְט צוּ אֵיין גֶעפֶענְגֶענִים־הוֹיז:
16 אוּנְד אַזוֹי אִיז יִרְמְיָהוּ גֶעקוּמֶען
אִין דֶעם גֶעפֶענְגֶענִים־הוֹיז אַרֵיין, אוּנְד
אִין דִיא קַאמֶערְן, אוּנְד יִרְמְיָהוּ אִיז
דָארְט גֶעזֶעסֶען פִּיל טֶעג:
17 אוּנְד דֶער קֶענִיג צִדְקִיָּהוּ הָאט
גֶעשִׁיקְט, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם גֶעְ־
נוּמֶען, אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט אִיהְם
גֶעפְרֶעגְט אִין זֵיין הוֹיז, אִין דֶעם
פֶערְבָּארְגֶענִים, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
אִיז דָא אֵיין וָוארְט פוּן דֶעם הַאר?
אוּנְד יִרְמְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז
דָא, אוּנְד עֶר הָאט (ווֵייטֶער) גֶעזָאגְט,
אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן
בָּבֶל וֶועסְט דוּא גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען:
18 אוּנְד יִרְמְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דֶעם קֶענִיג צִדְקִיָּהוּ, וָואס הָאבּ אִיךְ
קֶעגֶען דִיר גֶעזִינְדִינְט, אוּנְד קֶעגֶען
דֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד קֶעגֶען דָאס דָאזִיגֶע
פָאלְק, דָאס אִיהְר הָאט מִיךְ אַרֵיינְ־
גֶעגֶעבֶּען אִין דֶעם גֶעפֶענְגֶענִים־הוֹיז?
19 אוּנְד אַוואוּ זֶענֶען דֶען אֵיירֶע
נְבִיאִים, וָואס זֵייא הָאבֶּען צוּ אֵייךְ
נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער
קֶענִיג פוּן בָּבֶל וֶועט נִיט קוּמֶען קֶעגֶען
אֵייךְ, אוּנְד אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד:
20 אוּנְד אַצוּנְד, הֶער דָאךְ צוּ, מֵיין
הַאר קֶענִיג! לָאז דָאךְ מֵיין גֶעבֶּעט
פַאר דִיר פַאלֶען, דָאס דוּא זָאלְסְט
מִיךְ נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דֶעם הוֹיז
פוּן יְהוֹנָתָן, דֶעם שְׁרֵייבֶּער, כְּדֵי אִיךְ
זָאל דָארְטֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען:
21 אוּנְד דֶער קֶענִיג צִדְקִיָּהוּ הָאט
בֶּעפוֹילֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶעם
יִרְמְיָהוּ אוֹיפְגֶענוּמֶען אִין דֶעם הוֹיף
פוּן דִיא וַואךְ, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם
גֶעגֶעבֶּען אֵיין לַאבֶּעל־בְּרוֹיט פַאר יֶעדֶען
טָאג, פוּן דֶער בֶּעקֶער־גַאס, בִּיז דָאס
גַאנְצֶע בְּרוֹיט הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט פוּן
דֶער שְׁטָאט, אוּנְד יִרְמְיָהוּ אִיז גֶעזֶעסֶען
אִין דֶעם הוֹיף פוּן דִיא וַואךְ:

קאפיטעל לח

1 אוּנְד שְׁפַטְיָה, דֶער זוּהְן פוּן מַתָּן,
אוּנְד גְדַלְיָהוּ, דֶער זוּהְן פוּן פַּשְׁחוּר,
אוּנְד יוּכַל, דֶער זוּהְן פוּן שֶׁלֶמְיָהוּ,
אוּנְד פַּשְׁחוּר, דֶער זוּהְן פוּן מַלְכִּיָּה,
הָאבֶּען גֶעהֶערְט דִיא וֶוערְטֶער, וָואס
יִרְמְיָהוּ הָאט גֶערֶעט צוּ דֶעם פָאלְק,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער וָואס
וֶועט ווְאוֹינֶען אִין דֶער דָאזִיגֶער שְׁטָאט,
וֶועט שְׁטַארְבֶּען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד,
דוּרְךְ הוּנְגֶער אוּנְד דוּרְךְ מָארְד
(פֶּעסְט), אוּנְד דֶער וָואס וֶועט אַרוֹיסְ־
גֵיין צוּ דִיא כַּשְׂדִים וֶועט בְּלֵייבֶּען
לֶעבֶּען:
3 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר דִיא דָאזִיגֶע
שְׁטָאט וֶועט גֶעווִיס גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען
אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן
בָּבֶל, אוּנְד עֶר וֶועט זִיא אֵיינְגֶענֶעמֶען:
4 אוּנְד דִיא פִּירְשְׁטֶען הָאבֶּען גֶעזָאגְט
צוּ דֶעם קֶענִיג, מֶען זָאל דָאךְ דֶעם
דָאזִיגֶען מַאן טֵייטֶען, וָוארִין ווֵייל עֶר
מַאכְט שְׁלַאף דִיא הֶענְד פוּן דִיא

מִלְחָמָה־לַייט, וָואס זָענֶען אִיבֶּערְ־
גֶעבְּלִיבֶּען אִין דָער דָאזִיגֶער שְׁטָאט,
אוּנְד דִיא הֶענְד פוּן דֶעם גַאנְצֶען
פָאלְק, ווייל עֶר רֶעט צוּ זַייא אַזוֹי
וִויא דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער, וָוארִין דֶער
דָאזִיגֶער מַאן זוּכְט נִיט דֶעם שָׁלוֹם
(פְרִידֶען) פוּן דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק,
נֵייעֶרְט דָאס שְׁלֶעכְטֶע׃
5 אוּנְד דֶער קֶענִיג צִדְקִיָהוּ הָאט
גֶעזָאגְט, זֶעהְט, עֶר אִיז אִין אֵייעֶרֶע
הֶענְד, וָוארִין דֶער קֶענִיג קֶען קֶעגֶען
אֵייךְ קֵיין זַאךְ נִיט טְהוּן׃
6 אוּנְד זַייא הָאבֶּען דֶעם יִרְמְיָהוּ
גֶענוּמֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם
אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען אִין דֶער גְרוּבּ פוּן
מַלְכִּיָהוּ, דֶער זוּהְן פוּן דֶעם קֶענִיג,
וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם הוֹיף פוּן
דִיא וַואךְ, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַרוּנְטֶער־
גֶעלָאזְט דֶעם יִרְמְיָהוּ מִיט שְׁטְרִיק,
אָבֶּער אִין דֶער גְרוּבּ אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען
קֵיין וַואסֶער, נֵייעֶרְט לֵיים, אוּנְד יִרְמְיָהוּ
הָאט גֶעזוּנְקֶען אִין דֶעם לֵיים׃
7 אוּנְד עֶבֶד מֶלֶךְ, דֶער כּוּשִׁי, אֵיין
הוֹיפְבֶּעדִינְטֶער, הָאט עֶס גֶעהֶערְט,—אוּנְד
עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן
דֶעם קֶענִיג—דָאס זַייא הָאבֶּען יִרְמְיָהוּ
אַרַיינְגֶעזֶעצְט אִין דֶער גְרוּבּ, אוּנְד דֶער
קֶענִיג אִיז (דַאמָאלְס) גֶעזֶעסֶען אִין דֶעם
טוֹיעֶר פוּן בִּנְיָמִן׃
8 אַזוֹי אִיז עֶבֶד מֶלֶךְ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד
עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ דֶעם קֶענִיג, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען׃
9 מֵיין הַאר קֶענִיג! דִיא דָאזִיגֶע
מֶענֶער הָאבֶּען שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן, אִין
אַלֶעם וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן צוּ
יִרְמְיָהוּ, דֶעם נָבִיא, וָוארִין זַייא הָאבֶּען
אִיהְם אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען אִין דִיא גְרוּבּ,
אוּנְד עֶר וֶועט שְׁטַארְבֶּען אוֹיף זַיין
אָרְט פַאר הוּנְגֶער, וָוארִין עֶס אִיז נִיט
מֶעהְר דָא קֵיין בְּרוֹיט אִין דֶער
שְׁטָאט׃
10 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעבָּאטֶען
דֶעם עֶבֶד מֶלֶךְ, דֶעם כּוּשִׁי, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, נֶעם אִין דֵיינֶע הַאנְד (מַאכְט)
פוּן דַאנֶען דְרַייסִיג מֶענֶער, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען יִרְמְיָהוּ, דֶעם
נָבִיא, פוּן דִיא גְרוּבּ, אֵיידֶער עֶר
שְׁטַארְבְּט׃
11 אַזוֹי הָאט עֶבֶד מֶלֶךְ גֶענוּמֶען אִין
זַיינֶע הַאנְד דִיא מֶענֶער אוּנְד עֶר אִיז
אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם
קֶענִיג אוּנְטֶער דֶעם אוֹצָר, אוּנְד עֶר
הָאט פוּן דָארְטֶען אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַלְטֶע
קְלֵיידֶער אוּנְד אַלְטֶע לוּמְפֶּען, אוּנְד
עֶר הָאט זַייא אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען צוּ
יִרְמְיָהוּ אִין דִיא גְרוּבּ, אַן שְׁטְרִיק׃
12 אוּנְד עֶבֶד מֶלֶךְ, דֶער כּוּשִׁי, הָאט
גֶעזָאגְט צוּ יִרְמְיָהוּ, טְהוּא (לֵייג) דָאךְ
דִיא אַלְטֶע קְלֵיידֶער אוּנְד דִיא לוּמְפֶּען
אוּנְטֶער דִיא אָרֶעמְס פוּן דֵיינֶע הֶענְד
פוּן אוּנְטֶער דִיא שְׁטְרִיק, אוּנְד יִרְמְיָהוּ
הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן׃
13 אוּנְד זַייא הָאבֶּען דֶעם יִרְמְיָהוּ
אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען מִיט שְׁטְרִיק, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פוּן דִיא
גְרוּבּ, אוּנְד יִרְמְיָהוּ אִיז גֶעזֶעסֶען אִין
דֶעם הוֹיף פוּן דִיא וַואךְ׃
14 אוּנְד דֶער קֶענִיג צִדְקִיָהוּ הָאט
גֶעשִׁיקְט, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זִיךְ גֶע־
נוּמֶען דֶעם נָבִיא יִרְמְיָהוּ, צוּ דֶעם
דְרִיטֶען אַרַיינְגַאנְג אִין דֶעם הוֹיז פוּן
דֶעם הַאר; אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט
גֶעזָאגְט צוּ יִרְמְיָהוּ, אִיךְ פְרֶעג דִיךְ

אַיין זַאךְ, דוּא זָאלְסְט פוּן מִיר קֵיין
וָוארְט נִיט פֶערְלֵייקֶענֶען׃
15 אוּנְד יִרְמְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
צִדְקִיָהוּ, וָוארִין אַז אִיךְ וֶועל צוּ דִיר
דָאס זָאגֶען, אַזוֹי וֶועסְט דוּא מִיךְ דֶען
נִיט טֵייטֶען? אוּנְד אַז אִיךְ וֶועל דִיר
אַיין עֵצָה גֶעבֶּען אַזוֹי וֶועסְט דוּא מִיךְ
נִיט צוּהֶערֶען׃
16 אוּנְד דֶער קֶענִיג צִדְקִיָהוּ הָאט
גֶעשְׁוְואוֹירֶען צוּ יִרְמְיָהוּ אִין פֶערְבָּארְ־
גֶענִים, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי וָואהְר וִויא
דֶער הַאר לֶעבְּט, וָואס עֶר הָאט צוּ
אוּנְס גֶעמַאכְט דִיא דָאזִיגֶע זֶעעֶלֶע,
אוֹיבּ אִיךְ וֶועל דִיךְ טֵייטֶען, אוּנְד אוֹיבּ
אִיךְ וֶועל דִיךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דִיא
הַאנְד פוּן דִיא דָאזִיגֶע מֶענְשֶׁען, וָואס
בֶּעגֶעהְרֶען דַיינֶע זֶעעֶלֶע׃
17 אוּנְד יִרְמְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
צִדְקִיָהוּ, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, וֶוען דוּא וֶועסְט
אַרוֹיסְגֵיין צוּ דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דֶעם
קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אַזוֹי וֶועט דַיינֶע זֶעעֶלֶע
לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען, אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע
שְׁטָאט וֶועט נִיט פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען
מִיט פֵייעֶר, אוּנְד דוּא אוּנְד דַיין הוֹיז־
גֶעזִינְד וֶועלֶען לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען׃
18 אוּנְד אוֹיבּ דוּא וֶועסְט נִיט אַרוֹיסְ־
גֵיין צוּ דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דֶעם קֶענִיג
פוּן בָּבֶל, אַזוֹי וֶועט דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין דִיא הַאנְד
פוּן דִיא כַּשְׂדִים, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
זִיא פֶערְבְּרֶענֶען מִיט פֵייעֶר, אוּנְד דוּא
וֶועסְט נִיט עֶנְטְרִינֶען וֶוערֶען פוּן זֵיירֶע
הֶענְד׃
19 אוּנְד דֶער קֶענִיג צִדְקִיָהוּ הָאט
גֶעזָאגְט צוּ יִרְמְיָהוּ, אִיךְ זָארְג וֶועגֶען
דִיא יְהוּדִים, וָואס זֵייא זֶענֶען צוּגֶעפַא־
לֶען צוּ דִיא כַּשְׂדִים, טָאמֶער וֶועלֶען
זֵייא מִיךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין זֵייעֶר הַאנְד
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען פוּן מִיר שְׁפָּאטֶען׃
20 אוּנְד יִרְמְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט, זֵייא
וֶועלֶען (דִיךְ) נִיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען; הֶער
דָאךְ צוּ צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר,
וֶועגֶען דֶעם וָואס אִיךְ רֶעד צוּ דִיר,
אוּנְד אַזוֹי וֶועט צוּ דִיר גוּט זַיין אוּנְד
דַיינֶע זֶעעֶלֶע וֶועט בְּלֵייבֶּען לֶעבֶּען׃
21 אוּנְד אוֹיבּ דוּא וִוילְסְט נִיט אַרוֹיס־
גֵיין, דָאס אִיז דָאס וָוארְט וָואס דֶער
הַאר הָאט מִיר גֶעוִויזֶען׃
22 אוּנְד זֶעה, אַלֶע וֵוייבֶּער, וָואס
זֵייא זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶעם
הוֹיז פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה,
וֶועלֶען אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט וֶוערֶען צוּ דִיא
פִירְשְׁטֶען פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זָאגֶען, עֶס הָאבֶּען
דִיךְ אִיבֶּערְגֶערֶעט אוּנְד בֵּייגֶעקוּמֶען
דַיינֶע גוּטֶע פְרֵיינְד, דַיינֶע פִיס זֶענֶען
אִין דֶעם לֵיים גֶעזוּנְקֶען, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
הִינְטֶער זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט׃
23 אוּנְד אַלֶע דַיינֶע וֵוייבֶּער אוּנְד
דַיינֶע קִינְדֶער וֶועלֶען אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט
וֶוערֶען צוּ דִיא כַּשְׂדִים, אוּנְד דוּא
וֶועסְט (אוֹיךְ) נִיט עֶנְטְרִינֶען וֶוערֶען
פוּן זֵיירֶע הֶענְד, וָוארִין אִין דִיא הַאנְד
פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל וֶועסְט דוּא
גֶענוּמֶען וֶוערֶען אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע
שְׁטָאט וֶועט פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען מִיט
פֵייעֶר׃
24 אוּנְד צִדְקִיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
יִרְמְיָהוּ, קֵיין מֶענְשׁ זָאל נִיט וִויסֶען
פוּן דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער, אוּנְד דוּא
וֶועסְט נִיט גֶעטֵייט וֶוערֶען׃
25 אוּנְד וֶוען דִיא פִירְשְׁטֶען וֶועלֶען
הֶערֶען דָאס אִיךְ הָאבּ מִיט דִיר גֶערֶעט,



אוּנְד

אונד זייא װעלען צו דיר קומען, אונד
זייא װעלען צו דיר זאגען, דוא זאלסט
דאך אונז דערציילען, װאס האסט
דוא גערעדט מיט דעם קעניג, דוא
זאלסט עס פון אונז ניט לייקענען,
אונד אזוי װעלען מיר דיך ניט טייטען,
אונד װאס האט דער קעניג צו דיר
גערעדט?
26 אזוי זאלסט דוא צו זייא זאגען,
איך האב געלאזט מיין געבעט פאלען
פאר דעם קעניג, דאס ער זאל מיך
ניט צוריקקעהרען נאך דעם הויז פון
יהונתן, דארט צו שטארבען:
27 אונד אלע פירשטען זענען גע־
קומען צו ירמיהו, אונד זייא האבען
איהם געפרעגט, אונד ער האט זייא
געזאגט אזוי װיא אלע דיא דאזיגע
װערטער, װאס דער קעניג האט גע־
באטען, אונד זייא זענען שטיל פון
איהם אװעקגעגאנגען, װארין דאס
װארט איז ניט געהערט געװארען:
28 אונד ירמיהו איז געזעסען אין
דעם הויף פון דיא װאך, ביז דעם
טאג, אין װעלכען ירושלים איז איינ־
גענומען געװארען, אונד ער איז דארט
געװעזען װען ירושלים איז איינגענומען
געװארען:

## קאפיטעל לט

1 אין דעם ניינטען יאהר פון צדקיהו,
דער קעניג פון יהודה, אין דעם
צעהנטען חודש, איז נבוכדראצר, דער
קעניג פון בבל, אונד זיין גאנץ חיל
געקומען נאך ירושלים, אונד זייא
האבען זיך אויף איהר בעלאגערט:
2 אין דעם עלפטען יאהר פון צדקיהו,
אין דעם פירטען חודש, אין דעם
ניינטען (טאג) צו דעם חודש איז דיא
שטאט צושפאלטען געװארען:
3 אונד עס זענען געקומען אלע
פירשטען פון דעם קעניג פון בבל,
אונד זייא האבען זיך געזעצט אין
דעם מיטעלסטען טויער, נרגל שראצר
סמגר־נבו שרסכים רב־סרים, נרגל
שראצר רב־מג, אונד אלע איבריגע
פירשטען פון דעם קעניג פון בבל:
4 אונד עס איז געװעזען װען צדקיהו,
דער קעניג פון יהודה אונד אלע
מלחמה לייט האבען זייא געזעהען,
אזוי זענען זייא אנטלאפען געװארען,
אונד זייא זענען ביי נאכט ארויסגע־
גאנגען פון דער שטאט, אויף דעם װעג
צו דעם גארטען פון דעם קעניג, דורך
דעם טויער צװישען דיא צװייא מויערען,
אונד ער איז ארויסגעגאנגען דורך
דעם װעג פון דעם פלוין:
5 אונד דאס חיל פון דיא כשדים
האבען זייא נאכגעיאגט אונד זייא
האבען דעם צדקיהו דערגרייכט אין
דעם פלוין פון יריחו, אונד זייא
האבען איהם גענומען, אונד זייא האבען
איהם ארויפגעבראכט צו נבוכדראצר
דעם קעניג פון בבל, קיין רבלה, אין
דעם לאנד חמת, אונד ער האט מיט
איהם גערעדט װעגען דיא משפטים:
6 אונד דער קעניג פון בבל האט
געשאכטען דיא קינדער פון צדקיהו
אין רבלה, פאר זיינע אויגען, אונד
אלע פרייע הארען פון יהודה האט
דער קעניג פון בבל אויסגעשאכטען:
7 אונד דיא אויגען פון צדקיהו האט
ער בלינד געמאכט, אונד ער האט
איהם געבונדען מיט קייטען, איהם צו
ברענגען נאך בבל:
8 אונד דאס הויז פון דעם קעניג

אונד

אונד דיא הייזער פון דעם פאלק,
האבען דיא כשדים פערברענט מיט
פייער, אונד דיא מויערען פון
ירושלים האבען זיא צושטערט׃
9 אונד דאס איבריגע פון דעם פאלק
וואס זענען איבערגעבליבען אין דיא
שטאט, אונד דיא צוגעפאלענע וואס
זייא זענען צו איהם צוגעפאלען, אונד
דיא איבריגע פון דעם פאלק וואס
זענען איבערגעבליבען, האט נבוזראדן
דער אויבערשטער פון דיא שלאכטער
פערטריבען נאך בבל׃
10 אונד פון דעם ארעמען פאלק,
וואס זייא האבען גאר ניט, האט
נבוזראדן דער אויבערשטער פון דיא
שלאכטער איבערגעלאזט אין דעם
לאנד פון יהודה, אונד ער האט זייא
געגעבען ווייגגערטען אונד אקער־
פעלדער אין דעם דאזיגען טאג׃
11 אונד נבוכדראצר, דער קעניג
פון בבל האט געבאטען אויף ירמיהו,
דורך דיא האנד פון נבוזראדן דער
אויבערשטער פון דיא שלאכטער, אזוי
צו זאגען׃
12 נעם איהם אונד טהוא דיינע
אויגען אויף איהם, אונד דוא זאלסט
איהם אבער גאר קיין שלעכטעס ניט
טהון, נייערט אזוי וויא ער וועט צו
דיר רעדען אזוי זאלסט דוא מיט
איהם טהון׃
13 אונד נבוזראדן דער אויבערשטער
פון דיא שלאכטער האט געשיקט, אונד
נבושזבן, דער עלצטער פון דיא הויפ־
בעדינטע, אונד נרגל שראצר, רב־מג,
אונד אלע עלצטע פון דעם קעניג
פון בבל׃
14 אונד זייא האבען געשיקט אונד
זייא האבען גענומען דעם ירמיהו פון
דעם הויף פון דיא וואך, אונד זייא
האבען איהם איבערגעגעבען צו גדליהו,
דעם זוהן פון אחיקם, דעם זוהן פון
שפן, דאס ער זאל איהם ארויספיהרען
צו דעם (זיין) הויז, אונד אזוי איז ער
געזעסען צווישען דעם פאלק׃
15 אונד צו ירמיהו איז געוועזען
דאס ווארט פון דעם האר ווען ער
איז געוועזען איינגעשפארט אין דעם
הויף פון דיא וואך, אזוי צו זאגען׃
16 גייא אונד דוא זאלסט זאגען צו
עבד מלך, דעם כושי אזוי צו זאגען,
אזוי זאגט דער האר צבאות, דער
גאט פון ישראל, זעה, איך וועל
ברענגען מיינע ווערטע איבער דיא
דאזיגע שטאט, צו דעם שלעכטען,
אונד ניט צו דעם גוטען, אונד זייא
וועלען זיין פאר דיר אין דעם דאזיגען
טאג׃
17 אונד איך וועל דיך מציל זיין אין
דעם דאזיגען טאג, זאגט דער האר,
אונד דוא וועסט ניט איבערגעגעבען
ווערען אין דיא האנד פון דיא מענ־
שען, פאר וועלכע דוא האסט מורא
פאר זייא׃
18 ווארין איך וועל דיך געוויס מאכען
ענטרינען, דאס דוא זאלסט ניט פאלען
דורך דעם שווערד, אונד דיינע זעעלע
וועט צו דיר זיין אזוי וויא זאק־רויב,
ווייל דוא האסט דיך פערזיכערט אויף
מיר, זאגט דער האר׃

## קאפיטעל מ

1 דאס איז דאס ווארט, וואס איז גע־
וועזען צו ירמיהו פון דעם האר, נאכדעם
וויא נבוזראדן דער אויבערשטער פון דיא
שלאכטער האט איהם אוועקגעשיקט



פון

פון רָמָה, וָוען עֶר הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען,
אוּנְד עֶר אִיז גֶעוָועזֶען גֶעבּוּנְדֶען אִין
קֵייטֶען צְוִוישֶׁען אַלֶע דִיא פֶּערְטְרִיבֶּענֶע
פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד יְהוּדָה, וָואס וָוענֶען
פֶּערְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען נָאךְ בָּבֶל׃
2 אוּנְד דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דִיא
שְׁלַאכְטֶער הָאט גֶענוּמֶען יִרְמְיָהוּ, אוּנְד
עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, יְהוָֹה דֵיין
גָאט הָאט גֶערֶעט דָאס דָאזִיגֶע
שְׁלֶעכְטֶעס אִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט׃
3 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעבְּרַאכְט
אוּנְד גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶע־
רֶעט, וָוארִין אִיהְר הָאט גֶעזִינְדִיגְט
קֶעגֶען דֶעם הַאר, אוּנְד אִיהְר הָאט
נִיט גֶעהֶערְט צוּ זֵיין קוֹל, אוּנְד אַזוֹי
אִיז אֵייךְ דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ גֶעוָוארֶען׃
4 אוּנְד אַצוּנְד, זֶעה, אִיךְ הָאבּ דִיךְ
אוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען (פְרֵייא גֶעמַאכְט) פוּן דִיא
קֵייטֶען, וָואס אִיז אוֹיף דֵיינֶע הֶענְד,
אוּנְד אוֹיבּ עֶס אִיז גוּט אִין דֵיינֶע
אוֹיגֶען צוּ קוּמֶען מִיט מִיר נָאךְ בָּבֶל,
אַזוֹי קוּם, אוּנְד אִיךְ וָועל טְהוּן מֵיין
אוֹיג אוֹיף דִיר, אוּנְד אוֹיבּ עֶס אִיז
שְׁלֶעכְט אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען מִיט מִיר צוּ
קוּמֶען נָאךְ בָּבֶל, אַזוֹי פֶערְמֵייד עֶס;
זֶעה, דָאס גַאנְצֶע לַאנְד אִיז פַאר דִיר,
וָואוּ עֶס אִיז נָאר גוּט אוּנְד רֶעכְט־
פַארְטִיג אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען צוּ גֵיין,
דָארְטֶען גֵייא׃
5 אוּנְד וָוען עֶר הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, (הָאט עֶר גֶעזָאגְט)
אוּנְד קֶעהְר דִיךְ צוּרִיק צוּ גְדַלְיָהוּ,
דֶעם זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, דֶער זוּהְן פוּן
שָׁפָן, וָואס דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט
אִיהְם אוֹיפְגֶענוּמֶען אִיבֶּער דִיא שְׁטֶעט
פוּן יְהוּדָה, אוּנְד בְּלֵייבּ מִיט אִיהְם
צְוִוישֶׁען דֶעם פָאלְק, אָדֶער וָואוּ עֶס
אִיז רֶעכְטפַארְטִיג אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען צוּ
גֵיין, גֵייא; אוּנְד דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער
פוּן דִיא לֵייבְּוַואךְ הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען
שְׁפֵּייז אוּנְד אֵיין גֶעשַׁאנְק אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט׃
6 אוּנְד יִרְמְיָהוּ אִיז גֶעקוּמֶען צוּ
גְדַלְיָהוּ דֶעם זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, נָאךְ
מִצְפָּה, אוּנְד עֶר הָאט מִיט אִיהְם גֶע־
וְואוֹינְט צְוִוישֶׁען דֶעם פָאלְק, וָואס
וָוענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶעם לַאנְד׃
7 אוּנְד וָוען אַלֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן
דֶעם חַיִל וָואס וָוענֶען גֶעוָועזֶען אִין
דֶעם פֶעלְד, זֵייא אוּנְד זֵיירֶע מֶענְשֶׁען
הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָאס דֶער קֶענִיג פוּן
בָּבֶל הָאט אוֹיפְגֶענוּמֶען גְדַלְיָהוּ, דֶעם
זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, אִיבֶּער דֶעם לַאנְד,
אוּנְד דָאס עֶר הָאט בֵּייא אִיהְם
אִיבֶּערְגֶעלָאזְט מֶענֶער אוּנְד וַוייבֶּער
אוּנְד קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד פוּן דִיא
אָרֶעמֶע פוּן דֶעם לַאנְד, פוּן וֶועלְכֶע
עֶס וָוענֶען נִיט פֶּערְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען
נָאךְ בָּבֶל׃
8 אַזוֹי וָוענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען צוּ גְדַלְיָהוּ
נָאךְ מִצְפָּה, אוּנְד יִשְׁמָעֵאל דֶער זוּהְן
פוּן נְתַנְיָהוּ, אוּנְד יוֹחָנָן אוּנְד יוֹנָתָן,
דִיא זִיהְן פוּן קָרֵחַ, אוּנְד שְׂרָיָה דֶער
זוּהְן פוּן תַּנְחֻמֶת, אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן
עֵיפַי, דֶעם נְטוֹפָתִי, אוּנְד יַזַנְיָהוּ דֶעם
זוּהְן פוּן דֶעם מַעֲכָתִי, זֵייא אוּנְד זֵיירֶע
מֶענֶער׃
9 אוּנְד גְדַלְיָהוּ, דֶער זוּהְן פוּן אֲחִיקָם,
הָאט צוּ זֵייא גֶעשְׁוָוארֶען, אוּנְד צוּ
זֵיירֶע מֶענֶער, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיהְר
זָאלְט נִיט מוֹרָא הָאבֶּען צוּ דִינֶען דִיא
כַּשְׂדִּים, בְּלֵייבְּט אִין דֶעם לַאנְד אוּנְד
דִינְט דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אַזוֹי וָועט
אֵייךְ גוּט זֵיין׃

10 אוּנְד אִיךְ, זֶעה, אִיךְ בְּלֵייבּ אִין
מִצְפָּה, כְּדֵי צוּ שְׁטֵיין פַאר דִיא כַּשְׂדִים,
וָואס וֶועלֶען צוּ אוּנְס קוּמֶען, אוּנְד
אִיהְר אָבֶּער, זַאמֶעלְט אֵיין דֶעם ווַיין,
אוּנְד דִיא זוּמֶער־פְּרוּכְט, אוּנְד דָאס
אֵייל, אוּנְד טְהוּט זֵייא אִין אֵיירֶע
כֵּלִים, אוּנְד זִיצְט (בְּלֵייבְּט) אִין אֵיירֶע
שְׁטֶעט וָואס אִיהְר הָאט אָנְגֶענוּמֶען:
11 אוּנְד אוֹיךְ אַלֶע יְהוּדִים, וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין מוֹאָב, אוּנְד צְווִישֶׁען
דִיא קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן, אוּנְד אִין אֱדוֹם,
אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין
אַלֶע לֶענְדֶער הָאבֶּען דֶערְהֶערְט, דָאס
דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט גֶעגֶעבֶּען
אֵיין אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג צוּ יְהוּדָה, אוּנְד
דָאס עֶר הָאט אִיבֶּער זֵייא אוֹיפְגֶענוּמֶען
גְּדַלְיָהוּ, דֶעם זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, דֶעם
זוּהְן פוּן שָׁפָן:
12 אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע יְהוּדִים
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט פוּן אַלֶע עֶרְטֶער וְואוּ
אַהִין זֵייא זֶענֶען פֶערְשְׁטוֹיסֶען גֶעוָוארֶען,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ דֶעם
לַאנְד יְהוּדָה צוּ גְּדַלְיָהוּ אִין מִצְפָּה,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט ווַיין
אוּנְד זוּמֶער־פְּרוּכְט זֶעהְר פִיל:
13 אוּנְד יוֹחָנָן, דֶער זוּהְן פוּן קָרֵחַ,
אוּנְד אַלֶע דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם
חַיִל וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
פֶעלְד, זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ גְּדַלְיָהוּ נָאךְ
מִצְפָּה:
14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזַ־
אָגְט, ווייסְט דוּא דֶען דָאס בַּעֲלִיס,
דֶער קֶענִיג פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן,
הָאט גֶעשִׁיקְט יִשְׁמָעֵאל, דֶעם זוּהְן פוּן
נְתַנְיָה דֵיינֶע זֶעלֶע צוּ דֶערְשְׁלָאגֶען?
אָבֶּער גְּדַלְיָהוּ דֶער זוּהְן פוּן אֲחִיקָם
הָאט זֵייא נִיט גֶעגְלֵייבְּט:

15 אוּנְד יוֹחָנָן דֶער זוּהְן פוּן קָרֵחַ,
הָאט גֶעזָאגְט צוּ גְּדַלְיָהוּ אִין דֶעם
פֶערְבָּארְגֶענִים, אִין מִצְפָּה, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, אִיךְ וִויל דָאךְ גֵיין, אוּנְד אִיךְ
וֶועל דֶערְשְׁלָאגֶען יִשְׁמָעֵאל, דֶעם זוּהְן
פוּן נְתַנְיָה, אוּנְד קֵיין מֶענְשׁ וֶועט עֶס
נִיט ווִיסֶען, ווָארוּם זָאל עֶר דֵיינֶע
זֶעלֶע דֶערְשְׁלָאגֶען, אוּנְד גַאנְץ יְהוּדָה
וֶועלֶען זִיךְ צוּשְׁפְּרֵייטֶען, דִיא וָואס
הָאבֶּען זִיךְ צוּ דִיר פֶערְזַאמֶעלְט, אוּנְד
דָאס אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יְהוּדָה
וֶועלֶען פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען?
16 אוּנְד גְּדַלְיָהוּ, דֶער זוּהְן פוּן אֲחִיקָם,
הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹחָנָן, דֶעם זוּהְן פוּן
קָרֵחַ, אִיהְר זָאלְט דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ
נִיט טְהוּן, וָוארִין דוּא רֶעדְסְט פַאלְשׁ־
קֵייט קֶעגֶען יִשְׁמָעֵאל:

## קאפיטעל מא

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
זִיבֶּענְטֶען חוֹדֶשׁ, אַזוֹי אִיז גֶעקוּמֶען
יִשְׁמָעֵאל, דֶער זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, דֶער
זוּהְן פוּן אֱלִישָׁמָע, פוּן דִיא קֶענִיגְלִיכֶע
(זָאמֶען) קִינְדֶער, אוּנְד פוּן דִיא אוֹיּ־
בֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד צֶעהְן
מֶענֶער מִיט אִיהְם צוּ גְּדַלְיָהוּ, דֶעם
זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, נָאךְ מִצְפָּה, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען דָארְטֶען בְּרוֹיט גֶעגֶעסֶען
צוּזַאמֶען אִין מִצְפָּה:
2 אוּנְד יִשְׁמָעֵאל, דֶער זוּהְן פוּן נְתַנְיָה,
אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד דִיא צֶעהְן
מֶענֶער, וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט
אִיהְם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶערְשְׁלָאגֶען
גְּדַלְיָהוּ, דֶעם זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, דֶעם
זוּהְן פוּן שָׁפָן, מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד
עֶר הָאט אִיהְם גֶעטֵייט, ווייל דֶער
קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט אִיהְם אוֹיפְּ־
גֶעשְׁטֶעלְט אִיבֶּער דֶעם לַאנְד:

3 אונד אַלֶע יְהוּדִים וָואס זֶענֶען גֶע־
וָועזֶען מִיט אִיהְם, מִיט גְדַלְיָהוּ אִין מִצְפָּה,
אונד דִיא כַּשְׂדִים וָואס זֶענֶען דָארְטֶען
גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען, אונד דִיא מִלְחָמָה־
לֵייט הָאט יִשְׁמָעֵאל דֶערשְׁלָאגֶען:
4 אונד עֶס אִיז גֶעוָועזֶען אִין דֶעם
צְווייטֶען טָאג נָאכְדֶעם וַויא מֶען הָאט
גֶעטֵייט גְדַלְיָהוּ, וָוען קֵיינֶער הָאט
דֶערְפוּן נָאךְ נִיט גֶעוְואוּסְט:
5 אונד עֶס זֶענֶען גֶעקוּמֶען מֶענֶער
פוּן שְׁכֶם, פוּן שִׁלוֹה אונד פוּן שֹׁמְרוֹן
אַכְטְצִיג מֶענֶער מִיט אָפְּגֶעשׁוֹירֶענֶע
בֶּערְד אונד מִיט צוּרִיסֶענֶע קְלֵיידֶער,
אונד מִיט צוּרַאצְטֶע לֵייבֶּער, אונד
שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער אונד וֵוויירוֹיךְ אִין זֵייעֶרֶע
הֶענְד, כְּדֵי דָאס צוּ בְּרֶענְגֶען אִין דֶעם
הויז פוּן דֶעם הַאר:
6 אונד יִשְׁמָעֵאל, דֶער זוּהְן פוּן נְתַנְיָה,
אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען זֵייא עֶנְטְקֶעגֶען פוּן
מִצְפָּה, עֶר אִיז אַהִין אונד אַהֶער גֶעגַאנְגֶען
אונד גֶעוויינְט; אונד עֶס אִיז גֶעוָועזֶען
וָוען עֶר הָאט זֵייא בֶּעגֶעגֶענְט, אַזוֹי
הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, קוּמְט צוּ
גְדַלְיָהוּ, דֶעם זוּהְן פוּן אֲחִיקָם:
7 אונד עֶס אִיז גֶעוָועזֶען וָוען זֵייא
זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן
דֶער שְׁטָאט, אַזוֹי הָאט זֵייא יִשְׁמָעֵאל,
דֶער זוּהְן פוּן נְתַנְיָה גֶעשָׁאכְטֶען, (אונד
עֶר הָאט זֵייא אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען) אִין
דֶער גְרוּבּ, עֶר אונד דִיא מֶענְשֶׁען
וָואס זֶענֶען גֶעוָועזֶען מִיט אִיהְם:
8 אונד צֶעהְן מֶענְשֶׁען זֶענֶען צְווִישֶׁען
זֵייא גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען, אונד זֵייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ יִשְׁמָעֵאל, טֵייט
אוּנְס נִיט, וָוארִין מִיר הָאבֶּען פֶערְ־
בָּארְגֶענֶע זַאכֶען אִין דֶעם פֶעלְד, ווייץ,
אונד גֶערְשְׁטֶען אונד אֵייל אונד הָאנִיג,
אַזוֹי הָאט עֶר פֶערְמִיטֶען אונד עֶר
הָאט זֵייא נִיט גֶעטֵייט צְווִישֶׁען זֵייעֶרֶע
בְּרִידֶער:
9 אונד דִיא גְרוּבּ וָואס יִשְׁמָעֵאל
הָאט דָארְטֶען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אַלֶע
דִיא טוֹיטֶע קֶערְפֶּער פוּן דִיא מֶענֶער
וָואס עֶר הָאט גֶעטֵייט פוּן וֶועגֶען
גְדַלְיָה, אִיז דִיזֶעלְבִּיגֶע וָואס דֶער
קֶענִיג אָסָא הָאט גֶעמַאכְט פַאר בַּעְשָׁא,
דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, דִיזֶעלְבִּיגֶען
הָאט יִשְׁמָעֵאל, דֶער זוּהְן פוּן נְתַנְיָה,
אָנְגֶעפִילְט מִיט דֶערשְׁלָאגֶענֶע:
10 אונד יִשְׁמָעֵאל הָאט גֶעפַאנְגֶען
אַלֶע דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן דֶעם
פָאלְק וָואס זֶענֶען גֶעוָועזֶען אִין מִצְפָּה,
וָואס נְבוּזַרְאֲדָן, דֶער אויבֶּערְשְׁטֶער פוּן
דִיא שְׁלַאכְטֶער, הָאט אויפְגֶעשְׁטֶעלְט
אִיבֶּער זֵייא גְדַלְיָהוּ, דֶעם זוּהְן פוּן
אֲחִיקָם; יָא יִשְׁמָעֵאל, דֶער זוּהְן פוּן
נְתַנְיָה, הָאט זֵייא גֶעפַאנְגֶען, אונד עֶר
אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען כְּדֵי אִיבֶּערְצוּפָארֶען
צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן:
11 אונד יוֹחָנָן, דֶער זוּהְן פוּן קָרֵחַ
הָאט גֶעהֶערְט, אונד אויךְ אַלֶע אוי־
בֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם חַיִל וָואס זֶענֶען
מִיט אִיהְם גֶעוָועזֶען, דָאס גַאנְצֶע
שְׁלֶעכְטֶעס וָואס יִשְׁמָעֵאל, דֶער זוּהְן
פוּן נְתַנְיָה, הָאט גֶעטְהוּן:
12 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶענוּמֶען אַלֶע
מֶענֶער, אונד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען
מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט יִשְׁמָעֵאל,
דֶעם זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, אונד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעפוּנֶען בֵּייא דֶעם גְרוֹיסֶען
וַואסֶער וָואס אִיז גֶעוָועזֶען אִין גִבְעוֹן:
13 אונד עֶס אִיז גֶעוָועזֶען וָוען דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק וָואס זֶענֶען גֶעוָועזֶען
מִיט יִשְׁמָעֵאל, הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם

יוֹחָנָן, דֶעם זוּהְן פוּן קָרֵחַ, אוּנְד דִיא אַלֶע אויבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם חַיִל וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעפְרֵייט׃

14 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס יִשְׁמָעֵאל הָאט גֶעפַאנְגֶען פוּן מִצְפָּה, הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען צוּ יוֹחָנָן, דֶעם זוּהְן פוּן קָרֵחַ׃

15 אוּנְד יִשְׁמָעֵאל, דֶער זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, אִיז עֶנְטְרוּנֶען גֶעוָוארֶען מִיט אַכְט מֶענֶער פַאר יוֹחָנָן, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן עַמוֹן׃

16 אוּנְד יוֹחָנָן, דֶער זוּהְן פוּן קָרֵחַ, אוּנְד אַלֶע אויבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם חַיִל וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, הָאבֶּען גֶענוּמֶען דָאס גַאנְצֶע אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן דֶעם פָאלְק, וָואס עֶר הָאט וִוידֶער־גֶעקֶעהְרְט פוּן יִשְׁמָעֵאל, דֶעם זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, פוּן מִצְפָּה, נָאכְדֶעם וָואס עֶר הָאט דֶערשְׁלָאגֶען גְדַלְיָהוּ, דֶעם זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, מֶענֶער, מִלְחָמָה־לֵייט, אוּנְד ווייבֶּער אוּנְד קִינְדֶער אוּנְד הוֹיפְדִינֶער, וָואס עֶר הָאט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט פוּן גִבְעוֹן׃

17 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעוואוינְט אִין גֵרוּת כִּמְהָם, וָואס אִיז בֵּייא בֵּית לֶחֶם, (דֶער וֶועג) וָואס גֵייט צוּ קוּמֶען נָאךְ מִצְרַיִם׃

18 פַאר דִיא כַּשְׂדִים, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט פַאר זֵייא, ווייל יִשְׁמָעֵאל, דֶער זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, הָאט דֶערשְׁלָאגֶען גְדַלְיָהוּ, דֶעם זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, וָואס דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶענוּמֶען אִין דֶעם לַאנְד׃

## קאפיטעל מב

1 אוּנְד עֶס הָאבֶּען גֶענֶעהֶנְט אַלֶע אויבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם חַיִל, אוּנְד יוֹחָנָן, דֶער זוּהְן פוּן קָרֵחַ, אוּנְד יְזַנְיָה, דֶער זוּהְן פוּן הוֹשַׁעְיָה, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס׃

2 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ יִרְמְיָהוּ, דֶעם נָבִיא, לָאז דָאךְ אוּנְזֶער גֶעבֶּעט פַאר דִיר פַאלֶען, אוּנְד בֶּעט פַאר אוּנְס צוּ דֶעם הַאר, דֵיין גָאט, פַאר דִיא גַאנְצֶע דָאזִיגֶע אִיבֶּער־בְּלֵייבּוּנְג, וָוארִין מִיר זֶענֶען אִיבֶּער־גֶעבְּלִיבֶּען ווִינְצִיג פוּן פִיל, אַזוֹי וִויא דֵיינֶע אויגֶען זֶעהֶען אוּנְס׃

3 דָאס דֶער הַאר, דֵיין גָאט, זָאל אוּנְס זָאגֶען דֶעם וֶועג, וָועלְכֶען מִיר זָאלֶען אִין אִיהְם גֵיין, אוּנְד דִיא זַאךְ וָואס מִיר זָאלֶען טְהוּן׃

4 אוּנְד יִרְמְיָהוּ דֶער נָבִיא הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט, זֶעה, אִיךְ וֶועל בֶּעטֶען צוּ דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט אַזוֹי וִויא אֵייעֶרֶע רֵייד, אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין דָאס אַלֶע דִיא וֶוערְטֶער וָואס דֶער הַאר וֶועט אֵייךְ עֶנְטְפֶערֶן, וֶועל אִיךְ אֵייךְ זָאגֶען, אִיךְ וֶועל פוּן אֵייךְ נִיט פֶערְמֵיידֶען קֵיין וָוארְט׃

5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ יִרְמְיָהוּ, דֶער הַאר זָאל זֵיין קֶעגֶען אוּנְס צוּ אַ וַואהְרֶער (אֶמֶת'ען) אוּנְד טְרֵייעֶן עֵדוּת (צֵייגֶען) אויבּ מִיר וֶועלֶען נִיט טְהוּן אַזוֹי וִויא יֶעדֶעם וָוארְט וָואס דֶער הַאר, דֵיין גָאט, וֶועט צוּ אוּנְס שִׁיקֶען׃

6 אויבּ עֶס אִיז גוּטֶעס אָדֶער שְׁלֶעכְטֶעס, צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר, אוּנְזֶער גָאט, צוּ וָועלְכֶען מִיר שִׁיקֶען דִיךְ, וֶועלֶען מִיר הֶערֶען, כְּדֵי עֶס זָאל אוּנְס גוּט זֵיין, וָוארִין מִיר וֶועלֶען

הֶערֶען צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר,
אוּנְזֶער גָאט:
7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַם עֶנְד פוּן
צֶעהְן טֶעג, אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס
וָוארְט פוּן דֶעם הַאר צוּ יִרְמְיָהוּ:
8 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען צוּ יוֹחָנָן,
דֶעם זוּהְן פוּן קָרֵחַ, אוּנְד צוּ אַלֶע
הוֹיפְּט־לֵייט פוּן דֶעם חַיִל, וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהְם, אוּנְד צוּ דֶעם
גַאנְצֶען פָאלְק, פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס:
9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל, צוּ וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט, צוּ לָאזֶען פַאלֶען מֵיין גֶעבֶּעט
פַאר אִיהְם:
10 אוֹיב אִיהְר וֶועט וְואוֹינֶען בְּלֵייבֶּען
אִין דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, אַזוֹי וֶועל
אִיךְ אֵייךְ אוֹיפְבּוֹיעֶן אוּנְד נִיט צוּר־
שְׁטֶערֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ אֵיינ־
פְּלַאנְצֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט אוֹיס־
רַייסֶען, וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיךְ בֶּערֶענְקְט
(בֶּערֵייעֶט) וֶועגֶען דָאס שְׁלֶעכְטֶעס
וָואס אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעטְהוּן:
11 אִיהְר זָאלְט נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען
פַאר דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, וָואס אִיהְר
הָאט פַאר אִיהְם מוֹרָא, אִיהְר זָאלְט
פַאר אִיהְם (מֶעהְר) קֵיין מוֹרָא נִיט
הָאבֶּען, זָאגְט דֶער הַאר, וָוארִין אִיךְ
בִּין מִיט אֵייךְ, כְּדֵי אֵייךְ צוּ הֶעלְפֶען,
אוּנְד אֵייךְ מַצִּיל צוּ זַיין פוּן זֵיינֶע
הַאנְד:
12 אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ בַּארֶעמְה־
הֶערְצִיגְקֵייט גֶעבֶּען, אוּנְד עֶר וֶועט
זִיךְ אִיבֶּער אֵייךְ דֶערְבַּארֶעמֶען, אוּנְד
עֶר וֶועט אֵייךְ צוּרִיקבְּרֶענְגֶען נָאךְ
אֵייעֶר לַאנְד:
13 אָבֶּער וֶוען אִיהְר זָאגְט, מִיר
וֶועלֶען נִיט זִיצֶען אִין דֶעם דָאזִיגֶען
לַאנְד, דָאס אִיהְר וֶועט נִיט הֶערֶען
צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר, אֵייעֶר
גָאט:
14 אַזוֹי צוּ זָאגֶען, נֵיין, נֵייעֶרְט אִין
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם וֶועלֶען מִיר קוּמֶען,
וְואוּ מִיר וֶועלֶען נִיט זֶעהֶען קֵיין
מִלְחָמָה, אוּנְד דָאס קוֹל פוּן דֶעם
שׁוֹפָר וֶועלֶען מִיר נִיט הֶערֶען, אוּנְד
נָאךְ בְּרוֹיט וֶועלֶען מִיר נִיט הוּנְגֶערְן,
נָאר דָארְטֶען וֶועלֶען מִיר וְואוֹינֶען:
15 אוּנְד אַצוּנְד, דַארוּם הֶערְט דָאס
וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, אִיהְר אִיבֶּערְ־
גֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יְהוּדָה, אַזוֹי זָאגְט דֶער
הַאר צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל,
אוֹיבּ אִיהְר וֶועט טְהוּן אֵייעֶר אָנְגֶעזִיכְט
צוּ קוּמֶען נָאךְ מִצְרַיִם, אוּנְד אִיהְר
וֶועט קוּמֶען דָארְטֶען צוּ וְואוֹינֶען:
16 אַזוֹי וֶועט דָאס שְׁוֶוערְד, פַאר
וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט מוֹרָא, אֵייךְ דָארְטֶען
גְרֵייכֶען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד
דֶער הוּנְגֶער פַאר וֶועלְכֶען אִיהְר זֶענְט
פֶערְזָארְגְט, וֶועט זִיךְ דָארְטֶען בֶּע־
הֶעפְטֶען הִינְטֶער אֵייךְ, אִין מִצְרַיִם,
אוּנְד אִיהְר וֶועט דָארְטֶען שְׁטַארְבֶּען:
17 אוּנְד עֶס וֶועלֶען זַיין, אַלֶע דִיא
מֶענְשֶׁען, וָואס הָאבֶּען גֶעטְהוּן זֵייעֶר
אָנְגֶעזִיכְט צוּ קוּמֶען נָאךְ מִצְרַיִם,
דָארְטֶען צוּ וְואוֹינֶען, וֶועלֶען שְׁטַארְבֶּען
דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד דוּרְךְ הוּנְגֶער אוּנְד
דוּרְךְ מָארְד (פֶּעסְט); אוּנְד עֶס וֶועט
פוּן זֵייא נִיט זַיין קֵיין אִיבֶּערְגֶע־
בְּלִיבֶּענֶער אוּנְד עֶנְטְרוּנֶענֶער, פוּן
וֶועגֶען דָאס שְׁלֶעכְטֶע וָואס אִיךְ וֶועל
אִיבֶּער זֵייא בְּרֶענְגֶען:
18 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי וִויא מֵיין

צארן

צָארְן אוּנְד גְרִימְצָארְן אִיז אויסְגֶעגָאסֶען
גֶעוָוארֶען אויף דִיא אֵיינְוואוֹינֶער פוּן
יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי וֶועט אויסְגֶעגָאסֶען
וֶוערֶען מַיין גְרִימְצָארְן אויף אֵייךְ, וֶוען
אִיהְר וֶועט קוּמֶען נָאךְ מִצְרַיִם, אוּנְד
אִיהְר וֶועט זַיין צוּ אַ פְלוּךְ אוּנְד צוּ
אַ פֶערְוואוּנְדֶערוּנְג (עֶרְשְׁטוֹינוּנְג), אוּנְד
צוּ אַ שֶׁעלְטוּנְג אוּנְד צוּ אַ שַׁאנְד,
אוּנְד אִיהְר וֶועט נִיט מֶעהְר זֶעהֶען
דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט:
19 דֶער הַאר הָאט צוּ אֵייךְ גֶערֶעט,
אִיהְר אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יְהוּדָה,
אִיהְר זָאלְט נִיט קוּמֶען נָאךְ מִצְרַיִם,
אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען דָאס אִיךְ הָאבּ
אֵייךְ הַיינְט גֶעוָוארֶענְט:
20 וָוארִין אִיהְר הָאט אֵייךְ אַלֵיין פֶערְ־
פִיהְרְט; וֶוען אִיהְר הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט
צוּ דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, בֶּעט פַאר אוּנְס צוּ דֶעם הַאר
אוּנְזֶער גָאט, אוּנְד אַזוֹי וִויא אַלֶעס
וָואס דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט וֶועט
זָאגֶען, אַזוֹי זָאג עֶס צוּ אוּנְס, אוּנְד
אַזוֹי וֶועלֶען מִיר טְהוּן:
21 אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס צוּ אֵייךְ הַיינְט
גֶעזָאגְט, אָבֶּער אִיהְר הָאט נִיט צוּ־
גֶעהֶערְט צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר
אֵייעֶר גָאט, אוּנְד צוּ דֶעם אַלֶעם וָואס
עֶר הָאט מִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט:
22 אוּנְד אַצוּנְד זָאלְט אִיהְר גֶעווִיס
ווִיסֶען דָאס דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד
דוּרְךְ הוּנְגֶער, אוּנְד דוּרְךְ מָארְד (פֶּעסְט),
וֶועט אִיהְר שְׁטַארְבֶּען, אִין דֶעם אָרְט
וואוּ אִיהְר בֶּעגֶעהְרְט צוּ קוּמֶען, כְּדֵי
דָארְטֶען צוּ וְואוֹינֶען:

## קאפיטעל מג

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען יִרְמְיָהוּ
הָאט אויפְגֶעהֶערְט צוּ רֶעדֶען צוּ דֶעם
גַאנְצֶען פָאלְק אַלֶע וֶוערְטֶער פוּן דֶעם
הַאר, זֵייעֶר גָאט, וָואס דֶער הַאר,
זֵייעֶר גָאט הָאט אִיהְם צוּ זֵייא גֶע־
שִׁיקְט, אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער:
2 אַזוֹי הָאט עֲזַרְיָה דֶער זוּהְן פוּן
הוֹשַׁעְיָה גֶעזָאגְט, אוּנְד יוֹחָנָן דֶער זוּהְן
פוּן קָרֵחַ, אוּנְד אַלֶע דִיא שְׁלֶעכְטֶע
(מוּטְוִוילִיגֶע) מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גֶעזָאגְט
צוּ יִרְמְיָהוּ, דוּא רֶעדְסְט פַאלְשׁ! דֶער
הַאר אוּנְזֶער גָאט הָאט דִיךְ נִיט
גֶעשִׁיקְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיהְר זָאלְט
נִיט קוּמֶען קַיין מִצְרַיִם, דָארְטֶען צוּ
וְואוֹינֶען:
3 נֵייעֶרְט בָּרוּךְ, דֶער זוּהְן פוּן נֵרִיָּה,
רֵייצְט דִיךְ אָן קֶעגֶען אוּנְס, כְּדֵי אוּנְס
אִיבֶּערְצוּגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא
כַּשְׂדִּים, דָאס זֵייא זָאלֶען אוּנְס טֵייטֶען,
אוּנְד דָאס זֵייא זָאלֶען אוּנְס פֶערְ־
טְרֵייבֶּען נָאךְ בָּבֶל:
4 אוּנְד יוֹחָנָן דֶער זוּהְן פוּן קָרֵחַ,
אוּנְד אַלֶע פִירְשְׁטֶען פוּן דֶעם חַיִל,
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאבֶּען נִיט
גֶעהֶערְט צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם
הַאר, דָאס זֵייא זָאלֶען וְואוֹינֶען אִין
דֶעם לַאנְד פוּן יְהוּדָה:
5 אוּנְד יוֹחָנָן דֶער זוּהְן פוּן קָרֵחַ,
אוּנְד אַלֶע פִירְשְׁטֶען פוּן דֶעם חַיִל
הָאבֶּען גֶענוּמֶען דִיא אַלֶע אִיבֶּערְ־
גֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יְהוּדָה, וָואס זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט פוּן אַלֶע
פֶעלְקֶער, וָואס זֵייא זֶענֶען דָארְטֶען
פֶערְשְׁטוֹיסֶען גֶעוָוארֶען, צוּ וְואוֹינֶען
אִין דֶעם לַאנְד פוּן יְהוּדָה:
6 דִיא מֶענֶער אוּנְד דִיא ווַייבֶּער אוּנְד
דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער אוּנְד דִיא טֶעכְטֶער
פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד אַלֶע זֶעלֶען
וָואס נְבוּזַרְאֲדָן דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דִיא

שְׁלַאכְטֶער הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, בַּייא
גְדַלְיָהוּ, דֶעם זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, דֶער זוּהְן
פוּן שָׁפָן, אוּנְד בַּייא יִרְמְיָהוּ דֶעם
נָבִיא, אוּנְד בַּייא בָּרוּךְ, דֶעם זוּהְן
פוּן נֵרִיָהוּ:
7 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין דֶעם
לַאנְד פוּן מִצְרַיִם וָוארִין זֵייא הָאבֶּען
נִיט גֶעהֶערְט צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם
הַאר, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז
תַּחְפַּנְחֵס:
8 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ אִין תַּחְפַּנְחֵס
אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
9 נֶעם אִין דֵיינֶע הַאנְד גְרוֹיסֶע
שְׁטֵיינֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא בֶּע־
הַאלְטֶען אִין לֵיים אִין דֶעם צִיגֶעלְאוֹיבֶען,
וָואס עֶס אִיז בַּייא דֶער טְהִיר פוּן
דֶעם הוֹיז פוּן פַּרְעֹה אִין תַּחְפַּנְחֵס,
פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן יוּדִישֶׁע מֶענֶער:
10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, זֶעה, אִיךְ שִׁיק אוּנְד
אִיךְ וֶועל נֶעמֶען דֶעם נְבוּכַדְרֶאצַר
דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, מֵיין קְנֶעכְט,
אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵיין טְרוֹין־שְׁטוּהְל זֶעצֶען
אִיבֶּער דִיא דָאזִיגֶע שְׁטֵיינֶער וָואס אִיךְ
הָאבּ בֶּעהַאלְטֶען, אוּנְד עֶר וֶועט גֵייגֶען
(אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען) זֵיין שֵׁיין גֶעצֶעלְט
(חֻפָּה) אִיבֶּער זֵייא:
11 אוּנְד עֶר וֶועט קוּמֶען אוּנְד וֶועט
שְׁלָאגֶען דָאס לַאנְד פוּן מִצְרַיִם, דִיא
וָואס זֶענֶען (בֶּעשְׁטִימְט) צוּ דֶעם טוֹיט
זָאלֶען זֵיין צוּ דֶעם טוֹיט, אוּנְד דִיא
וָואס זֶענֶען צוּ דֶעם גֶעפֶענְגֶענִיס,
זָאלֶען זֵיין צוּ דֶעם גֶעפֶענְגֶענִיס, אוּנְד
דִיא וָואס זֶענֶען צוּ דֶעם שְׁוֶוערְד,
זָאלֶען זֵיין צוּ דֶעם שְׁוֶוערְד:
12 אוּנְד אִיךְ וֶועל אָנְצִינְדֶען אַיין
פֵייעֶר אִין דִיא הֵייזֶער פוּן דִיא גֶעטֶער
פוּן דִיא מִצְרַיִם, אוּנְד עֶס וֶועט זֵייא
פֶערְבְּרֶענֶען, אוּנְד עֶר וֶועט זֵייא
פַאנְגֶען, אוּנְד עֶר וֶועט אַיינְוִויקְלֶען
דָאס לַאנְד מִצְרַיִם, אַזוֹי וִויא אַיין
הִירְט (פַּאסְטוּךְ) וִויקֶעלְט זִיךְ אַיין מִיט
זֵיין קְלֵייד, אוּנְד עֶר וֶועט פוּן דָארְטֶען
אַרוֹיסְגֵיין מִיט שָׁלוֹם (פְרִידֶען):
13 אוּנְד עֶר וֶועט צוּבְּרֶעכֶען דִיא
זֵיילֶען פוּן בֵּית שֶׁמֶשׁ, וָואס זֵייא זֶענֶען
אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד דִיא
הֵייזֶער פוּן דִיא גֶעטֶער פוּן דִיא מִצְרַיִם
וֶועט עֶר פֶערְבְּרֶענֶען מִיט פֵייעֶר:

קאפיטעל מד

1 דָאס אִיז דָאס וָוארְט וָואס עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ אוּנְד צוּ אַלֶע
יְהוּדִים וָואס זֵייא זֶענֶען אִיבֶּערְגֶע־
בְּלִיבֶּען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, וָואס
זֵייא זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִין מִגְדּוֹל אוּנְד
אִין תַּחְפַּנְחֵס, אוּנְד אִין נוֹף, אוּנְד אִין
דֶעם לַאנְד פַּתְרוֹס, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת, דֶער גָאט
פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען אַלֶעם
דָאס שְׁלֶעכְטֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶע־
בְּרַאכְט אוֹיף יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אוֹיף
אַלֶע שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה; אוּנְד זֵייא
זֶענֶען צוּשְׁטֶערְט דֶעם דָאזִיגֶען טָאג,
אוּנְד עֶס אִיז נִיט דָא אִין זֵייא קֵיין
אֵיינְוְואוֹינֶער:
3 פוּן וֶועגֶען זֵיירֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט וָואס
זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן כְּדֵי מִיךְ צוּ
דֶערְצֶערְנֶען, צוּ גֵיין אוּנְד צוּ דֶעמְפְּפֶען,
אוּנְד צוּ דִינֶען פְרֶעמְדֶע אָפְּגֶעטֶער,
פוּן וֶועלְכֶע זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט
נִיט אִיהְר אוּנְד נִיט אֵיירֶע עֶלְטֶערְן:
4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אֵיךְ גֶעשִׁיקְט

אלע

אַלֶע מֵיינֶע קְנֶעכְט, דִיא נְבִיאִים,
אַלֶע פְרִיה־מָארְגֶען גֶעשִׁיקְט אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, אִיהְר זָאלְט נִיט טְהוּן דִיא
דָאזִיגֶע אוּמְווירְדִיגֶע זַאךְ וָואס אִיךְ
הָאבּ פֵיינְד:
5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶענֵייגְט זֵייעֶרע
אוֹיעֶרֶען דָאס זֵייא זָאלֶען זִיךְ צוּרִיקְ־
קֶעהְרֶען פוּן זֵייעֶר שְׁלֶעכְטֶעס, כְּדֵי
נִיט צוּ דֶעמְפְּפֶען צוּ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער:
6 אוּנְד אַזוֹי אִיז מֵיין צָארְן אוּנְד מֵיין
גְרִימְצָארְן אוֹיסְגֶעגָאסֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעבְּרֶענְט אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן
יְהוּדָה, אוּנְד אִין דִיא גַאסֶען פוּן
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
צוּ אֵיין צוּשְׁטֶערוּנְג אוּנְד צוּ אֵיין
פֶערְווִיסְטוּנְג אַזוֹי ווִיא אִין דֶעם דָאזִיגֶען
טָאג:
7 אוּנְד אַצוּנְד, אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה, דֶער
הַאר צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל,
וַוארוּם טְהוּט אִיהְר דָאס גְרוֹיסֶע
שְׁלֶעכְטֶעס צוּ אֵייעֶרֶע זֶעלֶען, דָאס
אִיהְר זָאלְט צוּ אֵייךְ פֶערְשְׁנֵיידֶען
אַ מַאן אוּנְד אַ פְרוֹי, אַ קִינְד אוּנְד אַ
זַייגֶעדִיג קִינְד פוּן צְווִישֶׁען יְהוּדָה,
כְּדֵי נִיט אִיבֶּערְצוּלָאזֶען צוּ אֵייךְ אֵיין
אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג:
8 אַז אִיהְר זָאלְט מִיךְ דֶערְצֶערְנֶען
מִיט דִיא וֶוערְק פוּן אֵייעֶרֶע הֶענְד,
צוּ דֶעמְפְּפֶען צוּ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער אִין
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אַווְאוּ אִיהְר זֶענְט
אַהִינְגֶעקוּמֶען דָארְטֶען צוּ וְואוֹינֶען, פוּן
וֶועגֶען אֵייךְ צוּ פֶערְשְׁנֵיידֶען, אוּנְד פוּן
וֶועגֶען אִיהְר זָאלְט וֶוערֶען צוּ אַ
פְלוּךְ אוּנְד צוּ אַ שַׁאנְד, צְווִישֶׁען אַלֶע
פֶעלְקֶער פוּן דֶער עֶרְד:
9 הָאט אִיהְר דֶען פֶערְגֶעסֶען דָאס
שְׁלֶעכְטֶעס פוּן אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד
דָאס שְׁלֶעכְטֶעס פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן
יְהוּדָה, אוּנְד דָאס שְׁלֶעכְטֶעס פוּן זֵיינֶע
ווֵייבֶּער, אוּנְד אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע שְׁלֶעכְ־
טִיגְקֵייטֶען, אוּנְד דָאס שְׁלֶעכְטֶעס פוּן
אֵייעֶרֶע ווֵייבֶּער, וָואס זֵייא הָאבֶּען
גֶעטְהוּן אִין דֶעם לַאנְד פוּן יְהוּדָה,
אוּנְד אִין דִיא גַאסֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם?
10 אוּנְד זֵייא זֶענֶען נִיט צוּשְׁטוֹיסֶען
(אוּנְטֶערְטֶענִיג) גֶעוָוארֶען, בִּיז צוּ דֶעם
דָאזִיגֶען טָאג, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט
מוֹרָא גֶעהַאט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען נִיט
גֶעגַאנְגֶען אִין מֵיין תּוֹרָה, אוּנְד אִין
מֵיין גֶעזֶעץ וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען
צוּ אֵייךְ אוּנְד צוּ אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן:
11 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת,
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, זֶעה, אִיךְ טְהוּא
מֵיין אָנְגֶעזִיכְט קֶעגֶען אֵייךְ צוּ שְׁלֶעכְ־
טֶעס, אוּנְד צוּ פֶערְשְׁנֵיידֶען גַאנְץ
יְהוּדָה:
12 אוּנְד אִיךְ וֶועל נֶעמֶען דִיא אִיבֶּערְ־
גֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יְהוּדָה, וָואס זֵייא
הָאבֶּען גֶעטְהוּן (גֶערִיכְטֶעט) זֵייעֶרֶע
אָנְגֶעזִיכְטֶער צוּ קוּמֶען נָאךְ דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם, כְּדֵי דָארְטֶען צוּ וְואוֹינֶען,
אוּנְד אַלֶע וֶועלֶען פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען פוּן
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, זֵייא וֶועלֶען פַאלֶען
דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד אוּנְד דוּרְךְ הוּנְגֶער,
זֵייא וֶועלֶען פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען פוּן קְלֵיין
בִּיז גְרוֹיס, דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד
דוּרְךְ הוּנְגֶער וֶועלֶען זֵייא שְׁטַארְבֶּען,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין צוּ אַ פְלוּךְ,
צוּ עֶרְשְׁטוֹינוּנְג (פֶערְוְואוּנְדֶערוּנְג), אוּנְד
צוּ אַ קְלָלָה אוּנְד צוּ אַ שַׁאנְד:
13 אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעפֶעהְלֶען (שְׁטְרָאף
בְּרֶענְגֶען) אוֹיף דִיא אַלֶע וָואס זֵייא
וְואוֹינֶען אִין מִצְרַיִם, אַזוֹי ווִיא אִיךְ

הָאב בֶּעפוילֶען (שְׁטְרוֹף גֶעבְּרַאכְט)
אויף יְרוּשָׁלַיִם, דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד,
אוּנְד דוּרְךְ הוּנְגֶער, אוּנְד דוּרְךְ מָארְד
(פֶּעסְט) :
14 אוּנְד עֶס וֶועט נִיט זַיין אֵיין
עֶנְטְרִינֶענֶער אוּנְד אֵיין אִיבֶּערְגֶעבְּלִי־
בֶּענֶער צוּ דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן
יְהוּדָה, וָואס זַייא קוּמֶען נָאךְ מִצְרַיִם
דָארְטֶען צוּ וְואוינֶען, אוּנְד כְּדֵי זִיךְ
צוּרִיקְצוּקֶעהְרֶען צוּ דֶעם לַאנְד פוּן
יְהוּדָה, אַהִין זַייא דֶערְהֵייבֶּען זַייעֶרֶע
זֶעלֶע זִיךְ צוּרִיקְצוּקֶעהְרֶען כְּדֵי דָארְטֶען
צוּ וְואוינֶען, וָוארִין זַייא וֶועלֶען זִיךְ
נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען, נֵייעֶרְט עֶנְטְרִינֶענֶע :
15 אוּנְד זַייא הָאבֶּען דֶעם יִרְמְיָהוּ
גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַלֶע דִיא מֶענְשֶׁען וָואס
זַייא וֵוייסֶען דָאס זַייעֶרֶע וֵוייבֶּער
רֶעמְפֶּען צוּ פְרֶעמְדֶע אָפְּגֶעטֶער
אוּנְד אַלֶע דִיא וֵוייבֶּער וָואס זַייא
שְׁטֵייעֶן אִין אֵיינֶע גְרויסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג,
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָּאלְק, וָואס הָאט
גֶעווֹאוינְט אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם אִין
פַּתְרוֹת, אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
16 דָאס וָוארְט וָואס דוּא הָאסְט צוּ
אוּנְס גֶערֶעט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם
הַאר, וֶועלֶען מִיר נִיט צוּהֶערֶען צוּ דִיר :
17 נֵייעֶרְט מִיר וֶועלֶען גֶעוִויס טְהוּן
אַלֶע דִיא רֵייד, וָואס עֶס אִיז אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען פוּן אוּנְזֶערֶע מֵיילֶער, צוּ
רֶעמְפֶּען צוּ דִיא קֶענִיגִין פוּן דֶעם
הִימֶעל, אוּנְד צוּ אִיהְר טְרִינְק־אָפְּפֶער
צוּ גִיסֶען, (נְסָכִים) אַזוֹי וִויא מִיר
הָאבֶּען גֶעטְהוּן, מִיר אוּנְד אוּנְזֶערֶע
עֶלְטֶערְן, אוּנְזֶערֶע קֶענִיגֶע אוּנְד
אוּנְזֶערֶע פִירְשְׁטֶען, אִין דִיא שְׁטֶעט
פוּן יְהוּדָה אוּנְד אִין דִיא גַאסֶען פוּן
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד מִיר זֶענֶען (דַאמָאלְס)
גֶעוֶועזֶען זַאט מִיט בְּרוֹיט, אוּנְד מִיר
הָאבֶּען גֶעהַאט גוּטֶעס, אוּנְד קֵיין
שְׁלֶעכְטֶעס הָאבֶּען מִיר נִיט גֶעזֶעהֶען :
18 אוּנְד פוּן דַאמָאלְס אָן, וֶוען מִיר
הָאבֶּען פֶערְמִיטֶען צוּ רֶעמְפֶּען צוּ
דִיא קֶענִיגִין פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד מִיר
הָאבֶּען גֶעגָאסֶען טְרִינְק־אָפְּפֶער (נְסָכִים)
צוּ אִיהְר, הָאט אוּנְס אַלֶעס גֶעפֶעהְלְט,
אוּנְד דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד אוּנְד הוּנְגֶער
זֶענֶען מִיר פֶערְגַאנְגֶען :
19 אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען גֶערֶעמְפְּט
צוּ דִיא קֶענִיגִין פוּן דֶעם הִימֶעל,
אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעגָאסֶען צוּ אִיהְר
טְרִינְק־אָפְּפֶער (נְסָכִים), הָאבֶּען מִיר
דֶען אָהְן אוּנְזֶערֶע מֶענֶער צוּ אִיהְר
קוּכֶען גֶעמַאכְט, וִיא אָפְּצוּבִּילְדֶען אוּנְד
צוּ גִיסֶען צוּ אִיהְר טְרִינְק־אָפְּפֶער
(נְסָכִים) ?
20 אוּנְד יִרְמְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, אויף דִיא מֶענֶער
אוּנְד אויף דִיא וֵוייבֶּער אוּנְד אויף
דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, וָואס זַייא הָאבֶּען
אִיהְם דָאס וָוארְט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען :
21 אִיז עֶס דֶען נִיט גֶעוֶועזֶען דָאס
רֶעמְפֶּען וָואס אִיהְר הָאט גֶערֶעמְפְּט
אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה אוּנְד אִין
דִיא גַאסֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם ? אִיהְר אוּנְד
אֵיירֶע עֶלְטֶערְן, אֵיירֶע קֶענִיגֶע אוּנְד
אֵיירֶע הויפְּט־לֵייט, אוּנְד דָאס פָּאלְק
פוּן דֶעם לַאנְד, דֶער הַאר הָאט אִין
זַייא גֶעדֶענְקְט אוּנְד עֶס אִיז אויפְ־
גֶעגַאנְגֶען אויף זַיין הַארְץ ?
22 אוּנְד דֶער הַאר הָאט נִיט מֶעהְר
גֶעקֶענְט פֶערְטְרָאגֶען פוּן וֶועגֶען אֵיירֶע
שְׁלֶעכְטֶע וֶוערְק, פוּן וֶועגֶען דִיא
אוּמְוִוירְדִיגְקֵייטֶען וָואס אִיהְר הָאט

גֶעטְהוּן, דַארוּם אִיז אֵייעֶר לַאנְד גֶעוָוארֶען
צוּ אַ צוּשְׁטֶערוּנְג אוּנְד צוּ אַ וְואוּנְדֶער,
אוּנְד צוּ אַ קְלָלָה, אָהְן אֵיינְוְואוֹינֶער,
אַזוֹי וִויא אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג׃
23 פוּן וֶועגֶען דֶעם וָואס אִיהְר הָאט
גֶערֶעמְפְּפְט, אוּנְד וָואס אִיהְר הָאט
גֶעזִינְדִיגְט צוּ דֶעם הַאר, אוּנְד אִיהְר
הָאט נִיט צוּגֶעהֶערְט צוּ דֶעם קוֹל פוּן
דֶעם הַאר, אוּנְד אִין זַיין תּוֹרָה אוּנְד
אִין זַיין גֶעזֶעץ אוּנְד אִין זַיין צֵיינְנִיס
זֶענְט אִיהְר נִיט גֶעגַאנְגֶען, דַארוּם
הָאט אֵייךְ דָאס דָאזִיגֶע שְׁלֶעכְטֶעס
גֶעטְרָאפֶען, אַזוֹי וִויא אִין דֶעם דָאזִיגֶען
טָאג׃
24 אוּנְד יִרְמְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, אוּנְד צוּ אַלֶע דִיא
וַוייבֶּער, הֶערְט צוּ דָאס וָוארְט פוּן
דֶעם הַאר, גַאנְץ יְהוּדָה וָואס אִיהְר
זֶענְט אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם׃
25 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיהְר
אוּנְד אֵייעֶרֶע וַוייבֶּער, וָואס אִיהְר הָאט
גֶערֶעט מִיט אֵייעֶר מוֹיל, אוּנְד מִיט
אֵייעֶרֶע הֶענְד הָאט אִיהְר דֶערְפִילְט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, מִיר וֶועלֶען גֶעוִויס
אוּנְזֶערֶע נְדָרִים טְהוּן, וָואס מִיר הָאבֶּען
אֵיין נֶדֶר גֶעטְהוּן, כְּדֵי צוּ רֵייכֶערְן צוּ
דֶער קֶענִיגִין פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד
צוּ אִיהְר גִיסוּנְגֶען (טְרַאנְקְ־אָפְּפֶער) צוּ
גִיסֶען, אַזוֹי דָאס אִיהְר וֶועט דוּרְכאוּיס
אֵייעֶרֶע נְדָרִים בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען, אוּנְד אִיהְר
וֶועט גֶעוִויס אֵייעֶרֶע נְדָרִים טְהוּן׃
26 דַארוּם, הֶערְט דָאס וָוארְט פוּן
דֶעם הַאר, גַאנְץ יְהוּדָה, וָואס זֵייא
וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, זֶעה,
אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁוָוארֶען בֵּייא מֵיין גְרוֹיסֶען
נָאמֶען, זָאגְט דֶער הַאר, אוֹיבּ מֵיין
נָאמֶען וֶועט נָאךְ זַיין גֶערוּפֶען אִין
דֶעם מוֹיל פוּן יֶעדֶען מַאן פוּן יְהוּדָה,
וָואס זָאל זָאגֶען, אִין דֶעם גַאנְצֶען
לַאנְד מִצְרַיִם, אַזוֹי וָואהְר וִויא
דֶער הַאר גָאט לֶעבְּט׃
27 זֶעה, אִיךְ וַואךְ אוֹיף זֵייא צוּ
שְׁלֶעכְטֶעס אוּנְד נִיט צוּ גוּטֶעס, אוּנְד
עֶס וֶועלֶען פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען אַלֶע מֶענֶער
פוּן יְהוּדָה, וָואס זֶענֶען אִין דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם, דוּרְךְ דָאס שְׁוֶוערְד אוּנְד דוּרְךְ
דֶעם הוּנְגֶער, בִּיז זֵייא וֶועלֶען זַיין אִין
גַאנְצֶען פֶערְלֶענְט׃
28 אוּנְד דִיא עֶנְטְרוּנֶענֶע פוּן דֶעם
שְׁוֶוערְד, וֶועלֶען זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען פוּן
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, נָאךְ דֶעם לַאנְד
פוּן יְהוּדָה, וֶוענִיג מֶענְשֶׁען אִין דֶער
צָאהְל, אַזוֹי וֶועלֶען דָאס גַאנְצֶע
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יְהוּדָה וִויסֶען,
דִיא וָואס זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, כְּדֵי דָארְטֶען צוּ
וְואוֹינֶען, וֶועמֶעס וָוארְט וֶועט בֶּע־
שְׁטֶעטִיגְט זַיין, דָאס וָואס אִיז פוּן מִיר,
אָדֶער פוּן זֵייא׃
29 אוּנְד דָאס וֶועט צוּ אֵייךְ זַיין דֶער
צֵייכֶען, זָאגְט דֶער הַאר, דָאס אִיךְ
וֶועל אֵייךְ בֶּעשְׁטְרָאפֶען אִין דֶעם
דָאזִיגֶען אָרְט, דָאס אִיהְר זָאלְט וִויסֶען,
דָאס מֵיינֶע וֶוערְטֶער וֶועלֶען גֶעוִויס
בֶּעשְׁטֶעטִיגְט וֶוערֶען אוֹיף אֵייךְ צוּ
שְׁלֶעכְטֶעס׃
30 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, אִיךְ
גֶעבּ אִיבֶּער פַּרְעוֹה חָפְרַע, דֶעם קֶענִיג
פוּן מִצְרַיִם אִין דֶער הַאנְד פוּן זֵיינֶע
פֵיינְד, אוּנְד אִין דֶער הַאנְד פוּן דִיא
וָואס בֶּעגֶערֶען זֵיינֶע זֶעעלֶע, אַזוֹי
וִויא אִיךְ הָאבּ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צִדְקִיָהוּ,
דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אִין דִיא הַאנְד


פוּן

פון נְבוּכַדְרֶאצַר, דֶער קֶענִיג פון בָּבֶל, זַיין פֵּיינְד, אוּנְד וָואס עֶר הָאט בֶּעגֶעהְרְט זַיינֶע זֶעלֶע׃

קאפיטעל מה

1 דָאס אִיז דָאס וָוארְט, וָואס דֶער נָבִיא יִרְמְיָה, הָאט גֶערֶעט צוּ בָּרוּךְ, דֶעם זוּהְן פוּן נֵריָה, וֶוען עֶר הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער אִין אַיין בּוּךְ, פוּן דֶעם מוֹיל פוּן יִרְמְיָהוּ, אִין דֶעם פִירְטֶען יָאהְר פוּן יְהוֹיָקִים, דֶער זוּהְן פוּן יֹאשִׁיָהוּ, דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃

2 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, צוּ דִיר בָּרוּךְ׃

3 דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט, אוֹי וֵויא אִיז מִיר! וָוארִין דֶער הַאר הָאט פֶּערְ־מֶעהְרְט טְרוֹירִיגְקֵייט אוֹיף מֵיין שְׁמֶערְץ, אִיךְ בִּין מִיד גֶעוָוארֶען אִין מֵיין זִיפְצֶען, אוּנְד אִיךְ גֶעפִין נִיט קֵיין רוּהֶע (מְנוּחָה)׃

4 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ אִיהְם זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבּוֹיט צוּשְׁטֶער אִיךְ, אוּנְד דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעפְּלַאנְצְט רֵייס אִיךְ אוֹיס, וָוארִין דָאס גַאנְצֶע לַאנְד אִיז מֵיין׃

5 אוּנְד זוּכְסְט דוּא דִיר גְרוֹסֶע זַאכֶען? דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט זוּכֶען, וֵוייל זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג שְׁלֶעכְטֶעס, אוֹיף אַלֶע לֵייבֶּער, זָאגְט דֶער הַאר, אָבֶּער אִיךְ ווֶעל דִיר גֶעבֶּען דֵיינֶע זֶעלֶע צוּ רוֹיבּ, אִין אַלֶע עָרְטֶער וְואוּ אַהִין דוּא וֶועסְט גֵיין׃

קאפיטעל מו

1 דָאס אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, וָואס עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ, דֶעם נָבִיא, וֶועגֶען אַלֶע פֶעלְקֶער׃

2 אוֹיף מִצְרַיִם, אוֹיף דֶעם חַיִל פוּן פַּרְעוֹה נְכוֹ, דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען בֵּייא דֶעם טֵייךְ פְּרָת, בֵּייא כַּרְכְּמִשׁ, וָואס נְבוּכַדְרֶאצַר, דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל, הָאט גֶעשְׁלָאגֶען אִין דֶעם פִירְטֶען יָאהְר פוּן יְהוֹיָקִים, דֶעם זוּהְן פוּן יֹאשִׁיָהוּ, דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה׃

3 גְרֵייט צוּ פַּאנְצֶערְן, אוּנְד שִׁילְדֶען, אוּנְד גֶענֶעהְנְט צוּ דֶער מִלְחָמָה׃

4 שְׁפַּאנְט אֵיין דִיא פֶּערְד, אוּנְד גֵייט אַרוֹיף אוֹיף דִיא רֵייטְוֶועגֶען, אוּנְד שְׁטֶעלְט אֵייךְ אַנִידֶער מִיט דִיא הֶעלְמֶען (אַזָאלְבֶע מִיצֶען), פִּיצְט אוֹיס דִיא שְׁפִּיזֶען, אוּנְד טְהוּט אָן דִיא פַּאנְצֶערְס׃

5 וָוארוּם הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען דָאס זַייא הָאבֶּען שְׁרֶעק, דָאס זַייא קֶעהְרֶען זִיךְ צוּרִיק הִינְטֶער זִיךְ, אוּנְד זַיירֶע שְׁטַארְקֶע זֶענֶען צוּשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד זַייא עֶנְטְלוֹיפֶען גֶעשְׁווִינְד אוּנְד קֶעהְרֶען זִיךְ נִיט אוּם פַאר דִיא שְׁרֶעק וָואס עֶס אִיז פוּן רִינְגְס אַרוּם, זָאגְט דֶער הַאר׃

6 דֶער גְרִינְגֶער (פְלִינְקֶער) וֶועט נִיט עֶנְטְלוֹיפֶען, אוּנְד דֶער שְׁטַארְקֶער וֶועט נִיט עֶנְטְרִינֶען וֶוערֶען, צוּ צָפוֹן־זַייט בֵּייא דֶעם טֵייךְ פְּרָת וֶועלֶען זַייא זִיךְ שְׁטְרוֹיכְלֶען אוּנְד וֶועלֶען פַאלֶען׃

7 וֶוער אִיז דֶער, וָואס גֵייט אַרוֹיף וִויא דֶער טֵייךְ, וִויא דִיא שְׁטְרָאמֶען רוֹישֶׁען זַיינֶע וַואסֶערְן?

8 מִצְרַיִם גֵייט אַרוֹיף וִויא אֵיין טֵייךְ (נִילוּס), אוּנְד וִויא דִיא שְׁטְרוֹימֶען רוֹישֶׁען (זַיינֶע) וַואסֶערְן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אַרוֹיפְגֵיין, אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעדֶעקֶען דִיא עֶרְד, אִיךְ וֶועל פֶערְטִילְגֶען דִיא שְׁטָאט אוּנְד דִיא אֵיינְווְאוֹינֶער וָואס זֶענֶען אִין אִיהְר׃

9 גייט אַרויף אויף דיא פֶערְד, אוּנְד
טוּימֶעלְט אִיהְר רֵייטְוֶועגֶען, אוּנְד לָאזֶען
אַרויסגֵיין דיא שְׁטַארְקֶע, כּוּשׁ אוּנְד
פּוּט וָואס זֵייא הַאלְטֶען דֶעם פַּאנְצֶער,
אוּנְד דיא לוּדִים וָואס הַאלְטֶען אוּנְד
מְרֶעטֶען (שְׁפַּאנֶען) דֶעם בּוֹיגֶען:
10 וָוארִין יֶענֶער טָאג אִיז פַאר דֶעם
הַאר, גָאט צְבָאוֹת, אֵיין טָאג פוּן
נְקָמָה, נְקָמָה צוּ נֶעמֶען פוּן זֵיינֶע
פֵיינְד, אוּנְד דָאס שְׁוֶוערְד וֶועט זֵייא
אויפְעֶסֶען אוּנְד וֶועט זִיךְ זֶעטִיגֶען אוּנְד
אָנְטְרִינְקֶען פוּן זֵייעֶר בְּלוּט, וָוארִין
עֶס אִיז אֵיין שְׁלַאכְטוּנְג פַאר דֶעם
הַאר, גָאט צְבָאוֹת, אִין דֶעם לַאנְד פוּן
צָפוֹן־זֵייט, בֵּייא דֶעם טֵייךְ פְּרָת:
11 גֵייא אַרויף נָאךְ גִלְעָד, אוּנְד נֶעם
בַּאלְזַאם, דוּא יוּנְגפְרוֹיא, טָאכְטֶער פוּן
מִצְרַיִם, אוּמְזִיסְט (בְּחִנָם) הָאסְט דוּא
דִיר פֶערְמֶעהְרְט רְפוּאוֹת (הֵיילְמִיטְלֶען),
דוּא הָאסְט נִיט קֵיין מִיטֶעל פַאר
דִיר:
12 פֶעלְקֶער הָאבֶּען גֶעהֶערְט פוּן
דֵיינֶע שַׁאנְד, אוּנְד דֵיין גֶעשְׁרֵייא הָאט
פוּל גֶעמַאכְט דִיא עֶרְד, וָוארִין אֵיין
שְׁטַארְקֶער הָאט זִיךְ גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט אַן
דֶעם אַנְדֶערְן שְׁטַארְקֶען, זֵייא זֶענֶען
בֵּיידֶע צוּזַאמֶען גֶעפַאלֶען:
13 דָאס אִיז דָאס וָוארְט וָואס דֶער
הַאר הָאט גֶערֶעט, צוּ יִרְמְיָהוּ,
דֶעם נָבִיא, וֶועגֶען דֶעם קוּמֶען פוּן
נְבוּכַדְרֶאצַר, דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, צוּ
שְׁלָאגֶען דָאס לַאנְד מִצְרַיִם:
14 זָאגְט עֶס אָן אִין מִצְרַיִם, אוּנְד
מַאכְט עֶס הֶערֶען אִין מִגְדוֹל, אוּנְד
מַאכְט עֶס הֶערֶען אִין נוֹף אוּנְד אִין
תַּחְפַּנְחֵס, זָאגְט, שְׁטֶעל דִיךְ אוּנְד גְרֵייט
דִיךְ צוּ, וָוארִין דָאס שְׁוֶוערְד הָאט
אויפְגֶעגֶעסֶען אַלֶעס וָואס אִיז אַרוּם
דִיר:
15 פַאר וָואס אִיז אַוֶועקְגֶעשְׁלֶעפְּט
גֶעוָוארֶען דֵיין שְׁטַארְקֶער? עֶר הָאט
נִיט גֶעקֶענְט שְׁטֵיין, וָוארִין דֶער הַאר
הָאט אִיהְם אַוֶועקְגֶעשְׁטוֹיסֶען:
16 עֶר הָאט פֶערְמֶעהְרְט גֶעשְׁטְרוֹי־
כֶעלְטֶע, אוֹיךְ פַאלְט יֶעדֶער מֶענְשׁ
אויף זֵיין פְרֵיינְד (חַבֵר) אוּנְד זֵייא
זָאגֶען, שְׁטֵייא אויף! אוּנְד לָאזֶען מִיר
זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ אוּנְזֶער פָאלְק,
אוּנְד צוּ דֶעם לַאנְד פוּן אוּנְזֶער גֶעבּוּרְט,
פַאר דֶעם בֶּעדְרִיקֶענְדֶען שְׁוֶוערְד:
17 מֶען רוּפְט דָארְטֶען אוֹיס, פַּרְעוֹה,
דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם, דֶער וָואס
הָאט גֶעמַאכְט אַ גֶערוֹישׁ, עֶר הָאט
גֶעלָאזְט פֶערְבֵּייא גֵיין דִיא בֶּעשְׁטִימְטֶע
צֵייט:
18 אַזוֹי וָואהְר וִויא אִיךְ לֶעבּ,
זָאגְט דֶער קֶענִיג, דֶער הַאר צְבָאוֹת
אִיז זֵיין נָאמֶען; דָאס אַזוֹי וִויא תָבוֹר אִיז
צְוִוישֶׁען דִיא בֶּערְג, אוּנְד אַזוֹי וִויא
כַּרְמֶל בֵּייא דֶעם יַם וֶועט עֶר קוּמֶען:
19 מַאךְ דִיר כֵּלִים צוּ פֶערְטְרֵייבוּנְג,
דוּא אֵיינְוָואוֹינֶערִין טָאכְטֶער פוּן מִצְרַיִם,
וָוארִין נוֹף וֶועט זֵיין פֶערְוִוִיסְט, אוּנְד
צוּשְׁטוֹיסֶען אָהְן אֵיינְוָואוֹינֶער:
20 אֵיין שֵׁיינֶעס קַאלְבּ אִיז מִצְרַיִם,
אָבֶּער אֵיין פֶערשְׁנֵיידוּנְג אִיז פוּן צָפוֹן־
זֵייט גֶעקוּמֶען, יָא עֶס אִיז גֶעקוּמֶען:
21 אוֹיךְ אִיהְרֶע גֶעדוּנְגֶענֶע צְוִוישֶׁען
אִיהְר, זֶענֶען וִויא גֶעשְׁטָאפְּטֶע קֶעלְבֶּער,
וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶעקֶעהְרְט
אוּנְד אֶנְטְלָאפֶען צוּזַאמֶען, זֵייא זֶענֶען
נִיט גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין, וָוארִין דֶער טָאג
פוּן זֵייעֶר בְּרָאךְ אִיז אויף זֵייא גֶעקוּמֶען,
דִיא צֵייט פוּן זֵייעֶר בֶּעשְׁטְרָאפוּנְג:

22 אִיהְר קוֹל גֵייט וִויא פוּן אֵיין
שְׁלַאנְג, וָוארִין מִיט מַאכְט גֵייעֶן זַייא,
אוּנְד מִיט הֶעק זֶענֶען זַייא צוּ אִיהְר
גֶעקוּמֶען וִויא הָאלְץ־הַאקֶערְס :
23 זַייא הָאבֶּען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען אִיהְר
וָואלְד, זָאגְט דֶער הַאר, חָאטְשֶׁע
(אַפִילוּ) עֶר אִיז נִיט אוֹיסְצוּפָארְשֶׁען,
חָאטְשֶׁע זַייא (דִיא בֵּיימֶער) זֶענֶען
מֶעהְר וִויא פוּן דִיא הֵיישֶׁערִיקֶען, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט קֵיין צָאהְל :
24 דִיא טָאכְטֶער פוּן מִצְרַיִם אִיז
פֶערְשֶׁעמְט, זִיא אִיז אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
גֶעוָוארֶען אִין דֶער הַאנְד פוּן דֶעם
פָאלְק פוּן צָפוֹן־זַייט :
25 דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ בֶּע־
שְׁטְרָאף אוֹיף אָמוֹן פוּן נוֹא, אוּנְד אוֹיף
פַּרְעוֹה, אוּנְד אוֹיף מִצְרַיִם, אוּנְד אוֹיף
אִיהְרֶע גֶעטֶער, אוּנְד אוֹיף אִיהְרֶע
קֶענִיגֶע, אוּנְד אוֹיף פַּרְעוֹה אוּנְד אוֹיף
דִיא וָואס פֶערְזִיכֶערְן זִיךְ אִין אִיהְם :
26 אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען
אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא וָואס בֶּעגֶעהְרֶען
זַייעֶרֶע זֶעלֶע, אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן
נְבוּכַדְרֶאצַר, דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל,
אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן זַיינֶע קְנֶעכְט,
אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶועט זִיא בֶּעוָואוֹינְט
וָוערֶען וִויא אִין דִיא טֶעג פוּן פָאר־
צַייטֶענְס, זָאגְט דֶער הַאר :
27 אָבֶּער דוּא, הָאבּ נִיט קֵיין מוֹרָא
מַיין קְנֶעכְט יַעֲקֹב, אוּנְד שְׁרֶעק דִיךְ
נִיט דוּא יִשְׂרָאֵל ! וָוארִין זֶעה, אִיךְ
וֶועל דִיר הֶעלְפֶען פוּן דֶער וַוייטֶען
אוּנְד דַיינֶע קִינְדֶער פוּן דֶעם
לַאנְד פוּן זַייעֶר גֶעפֶענְגְנִיס, אוּנְד
יַעֲקֹב וֶועט צוּרִיקְקֶעהְרֶען, אוּנְד עֶר
וֶועט שְׁטִיל אוּנְד רוּהִיג זַיין, אוּנְד
קֵיינֶער וֶועט אִיהְם נִיט דֶערְשְׁרֶעקֶען :
28 דוּא זָאלְסְט קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען,
מַיין קְנֶעכְט יַעֲקֹב, זָאגְט דֶער הַאר,
וָוארִין אִיךְ בִּין מִיט דִיר, וֶוען אִיךְ
וֶועל מַאכֶען אֵיין עֶנְדֶע פוּן אַלֶע פֶעלְ־
קֶער, וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ דָארְטֶען
פֶערְשְׁטוֹיסֶען, אָבֶּער פוּן דִיר וֶועל אִיךְ
נִיט מַאכֶען קֵיין עֶנְדֶע, נֵייעֶרְט אִיךְ
וֶועל דִיךְ שְׁטְרָאפֶען נָאךְ דֶעם מִשְׁפָּט
(רֶעכְט), אָבֶּער אוּנְבֶּעשְׁטְרָאפְט וֶועל
אִיךְ דִיךְ נִיט לָאזֶען :

## קאפיטעל מז

1 דָאס אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ,
דֶעם נָבִיא, וֶועגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים,
אֵיידֶער פַּרְעוֹה הָאט גֶעשְׁלָאגֶען עַזָה :
2 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, וַואסֶער
גֵייט אַרוֹיף פוּן צָפוֹן־זַייט, אוּנְד זַייא
וֶועלֶען זַיין צוּ אַ שְׁטְרָאמִיגֶען טַייךְ,
אַזוֹי דָאס זַייא וֶועלֶען פֶערְפְלֵייצֶען
דָאס לַאנְד אוּנְד אִיהְרֶע פוּלְקַייט, דִיא
שְׁטָאט אוּנְד דִיא וָואס וְואוֹינֶען אִין
אִיהְר, אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען וֶועלֶען
שְׁרֵייעֶן, אוּנְד עֶס וֶועלֶען קְלָאגֶען אַלֶע
אֵיינְוָואוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד :
3 פוּן דֶעם גֶעשְׁרֵייא פוּן דֶעם טְרֶעטוּנְג
פוּן דִיא קְלוֹיעֶן (טְרִיט) פוּן זַיינֶע
שְׁטַארְקֶע (פֶערְד), פוּן דֶעם גֶערוֹיש
פוּן זַיינֶע רֵייטֶער, פוּן דֶער בְּרוּמוּנְג
פוּן זַיינֶע רֶעדֶער, דִיא עֶלְטֶערְן
קֶעהְרֶען זִיךְ נִיט צוּ דִיא קִינְדֶער (צוּ
הֶעלְפֶען) פוּן וֶועגֶען דֶער שְׁלַאפְקַייט
פוּן דִיא הֶענְד :
4 וֶועגֶען דֶעם טָאג, וָואס עֶר קוּמְט,
צוּ פֶערְטִילְגֶען אַלֶע פְּלִשְׁתִּים, צוּ
פֶערְשְׁנֵיידֶען צוֹר אוּנְד צִידוֹן, אוּנְד
יֶעדֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶעם הֶעלְפֶער,

וָוארִין דֶער הַאר פֶערְטִילִיגְט דִיא
פְּלִשְׁתִּים, דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן
דֶער אִינְזֶעל כַּפְתּוֹר:
5 עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אַיין אוֹיספְּלִיקוּנְג
אוֹיף עַזָה, אַשְׁקְלוֹן אִיז שְׁטוּם גֶעוָוארֶען,
אוֹיךְ דִיא אִיבֶּערְבְּלַייבּוּנְג פוּן זַייעֶר
טִיפֶען לַאנְד; בִּיז וִויא לַאנְג וֶועסְט
דוּא דִיךְ רַאצֶען (דַיין לֵייבּ)?
6 אוֹי וֵויא, שְׁוֶוערְד פוּן דֶעם הַאר!
בִּיז וִויא לַאנְג וֶועסְט דוּא נִיט רוּהֶען?
טְהוּא דִיךְ צוּרִיק אִין דַיינֶע שֵׁייד, בֶּער־
רוּהִיג דִיךְ, אוּנְד זַייא שְׁטִיל:
7 וִויא אַזוֹי אָבֶּער זָאלְסְט דוּא שְׁטִיל
זַיין, וֶוען דֶער הַאר הָאט עֶס גֶעבָּאטֶען
קֶעגֶען אַשְׁקְלוֹן, אוּנְד קֶעגֶען דֶעם
בָּארְטֶען (בְּרֶעג) פוּן דֶעם יַם? דָארְט
הָאט עֶר עֶס בֶּעשְׁטִימְט:

קאפיטעל מח

1 צוּ מוֹאָב, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, וֵויא
צוּ נְבוֹ וָוארִין זִיא אִיז צוּשְׁטֶערְט,
קִרְיָתַיִם אִיז פֶערְשֶׁעמְט אוּנְד בֶּע־
צְווִאוּנְגֶען גֶעוָוארֶען, צוּ שַׁאנְד אִיז
גֶעוָוארֶען דֶער הוֹיכֶער אָרְט אוּנְד
צוּבְּרָאכֶען:
2 עֶס אִיז מֶעהְר נִיט דָא דֶער לוֹיבּ
פוּן מוֹאָב, אִין חֶשְׁבּוֹן הָאבֶּען זַייא
וֶועגֶען אִיהְר שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְרַאכְט,
קוּמְט, אוּנְד מִיר וֶועלֶען עֶס פֶער־
טִילְגֶען פוּן צוּ זַיין אַיין פָאלְק, אוֹיךְ מַדְמֵן
דוּא וֶועסְט שְׁטוּם וֶוערֶען, הִינְטֶער דִיר
וֶועט גֵיין דָאס שְׁוֶוערְד:
3 אַיין קוֹל פוּן גֶעשְׁרַייא אִיז פוּן
חוֹרוֹנַיִם, אַ פֶערְוִויסְטוּנְג אוּנְד אַ גְרוֹיסֶע
צוּשְׁטֶערוּנְג:
4 מוֹאָב אִיז צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען,
זַיינֶע יוּנְגֶע הָאבֶּען גֶעלָאזְט הֶערֶען
אַיין גֶעשְׁרַייא:
5 וָוארִין אוֹיף דֶעם אַרוֹיפְגַאנְג פוּן
לֻחוֹת גֵייט אַרוֹיף גֶעוֵויין אוֹיף גֶעוֵויין,
וָוארִין בַּייא דֶעם אַרוּפְּנִידֶערְן פוּן
חוֹרוֹנַיִם הֶערְט מֶען דֶעם בֶּעדְרֶענְגֶער
פוּן דֶעם גֶעשְׁרַייא פוּן צוּבְּרֶעכוּנְג:
6 עֶנְטְלוֹיפְט, עֶנְטְרִינְט אַיירֶע זֶעעלֶען,
זַייא וֶועלֶען אָבֶּער זַיין וִויא אַ (דַארֶער)
בּוֹים וָואס אִיז אָהְן בְּלֶעטֶער אִין דֶער
מִדְבָּר:
7 וָוארִין ווייל דוּא הָאסְט דִיךְ פֶערְ־
זִיכֶערְט אוֹיף דַיינֶע וֶוערְק אוּנְד אוֹיף
דַיינֶע אוֹצְרוֹת, אַזוֹי וֶועסְט דוּא אוֹיךְ
בֶּעצְווִאוּנְגֶען וֶוערֶען; אוּנְד כְּמוֹשׁ וֶועט
אַוֶעקְגֵיין אִין גָלוּת, זַיינֶע כֹּהֲנִים אוּנְד
זַיינֶע הוֹיפְּטְלַייט צוּזַאמֶען:
8 אוּנְד דֶער צוּשְׁטֶערֶער וֶועט קוּמֶען
אִין יֶעדֶער שְׁטָאט, אוּנְד דִיא שְׁטָאט
וֶועט נִיט עֶנְטְרוּנֶען וֶוערֶען, אוּנְד דָאס
טְהָאל וֶועט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען, אוּנְד
דֶער פְּלוֹין וֶועט פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען,
ווייל דֶער הַאר הָאט עֶס גֶעזָאגְט:
9 גִיבְּט פְלִיגֶעלֶען צוּ מוֹאָב וָוארִין זִיא
וִויל אַוֶועקְפְלִיהֶען, אָבֶּער אִיהְרֶע שְׁטֶעט
וֶועלֶען זַיין צוּ וִויסְט, אָהְן אַיינְוָואוֹינֶער
אִין זַייא:
10 פֶערְפְלוּכְט אִיז דֶער, וָואס טְהוּט
דָאס וֶוערְק פוּן דֶעם הַאר מִיט פַאלְשׁ־
קַייט, אוּנְד פֶערְפְלוּכְט אִיז דֶער וָואס
פֶערְמֵיידֶעט זַיין שְׁוֶוערְד פוּן בְּלוּט!
11 מוֹאָב אִיז רוּהִיג גֶעוֶועזֶען פוּן
זַיינֶע יוּגֶענְד אָן, אוּנְד עֶר אִיז שְׁטִיל
גֶעלֶעגֶען אוֹיף זַיינֶע הֵייוֶען, וָואס אִיז
נִיט אוֹיסְגֶעלֵיידִיגְט גֶעוָוארֶען פוּן אַיין
כֶּלִי צוּ דֶער אַנְדֶערֶע, אוּנְד עֶר אִיז
נִיט גֶעגַאנְגֶען אִין גָלוּת, דַארוּם אִיז
דֶער גֶעשְׁמַאק גֶעשְׁטַאנֶען אִין אִיהְם,

אוּנְד זַיין רֵיחַ אִיז נִיט פֶערְעֶנְדֶערְט
גֶעוָוארֶען:
12 דַארוּם, זֶעה, עֶס קוּמֶען אָן טֶעג,
זָאגְט דֶער הַאר, דָאס אִיךְ וָועל צוּ
אִיהְם שִׁיקֶען אַרוּמשְׁלֶעפֶּערְס אוּנְד זַייא
וֶועלֶען אִיהְם אַרוּמשְׁלֶעפֶּען, אוּנְד זַיינֶע
כֵּלִים וֶועלֶען זַייא אוֹיסְלֵיידִיגֶען, אוּנְד
זַייעֶרֶע לָאגְלֶען (פֶּעסֶער) וֶועלֶען זַייא
צוּבְּרֶעכֶען:
13 אוּנְד מוֹאָב וֶועט זִיךְ שֶׁעמֶען
וֶועגֶען כְּמוֹשׁ, אַזוֹי וִויא דָאס הוֹיז־
גֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ גֶעשֶׁעמְט
וֶועגֶען בֵּית אֵל זַייעֶר פֶערְזִיכֶערוּנְג:
14 וִויא אַזוֹי קֶענְט אִיהְר זָאגֶען, מִיר
זֶענֶען שְׁטַארְקֶע, אוּנְד הֶעלְדֶען־מֶענֶער
צוּ דֶער מִלְחָמָה?
15 מוֹאָב אִיז צוּשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען,
אוּנְד אִיהְרֶע שְׁטֶעט זֶענֶען (אִין רוֹיךְ)
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא בֶּעסְטֶע פוּן
זַיינֶע יוּנְגֶע לַייט הָאבֶּען אַרוּנְטֶערְ־
גֶענִידֶערְט צוּ דֶעם שְׁלַאכְטֶען, זָאגְט
דֶער קֶענִיג, יְהֹוָה צְבָאוֹת אִיז זַיין
נָאמֶען:
16 דֶער אוּנְטֶערְגַאנְג פוּן מוֹאָב אִיז
נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען, אוּנְד זַיין אוּמְגְלִיק
הָאט זִיךְ זֶעהְר גֶעאַיילְט:
17 בֶּעקְלָאגְט אִיהְם אַלֶע דִיא וָואס
זֶענֶען אַרוּם אִיהְם, אוּנְד אַלֶע דִיא
וָואס קֶענֶען זַיין נָאמֶען, זָאגְט, וִויא
אַזוֹי אִיז צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען דֶער
שְׁטַארְקֶער שְׁטֶעקֶען, דֶער שֵׁיינֶער
שְׁטֶעקֶען:—
18 נִידֶער אַרָאפּ פוּן דֶעם כָּבוֹד,
אוּנְד זֶעץ דִיךְ אִין אַ דָארְשְׁטִיגֶען אָרְט,
דוּא אֵיינְוואוֹינֶערִין, טָאכְטֶער פוּן דִיבוֹן!
וָוארִין דֶער צוּשְׁטֶערֶער פוּן מוֹאָב גֵייט
אַרוֹיף קֶעגֶען דִיר, עֶר פֶערְדַארְבְּט
דַיינֶע פֶּעסְטוּנְגֶען:
19 שְׁטֶעל דִיךְ אוֹיף דֶעם וֶועג אוּנְד
קוּק, דוּא אֵיינְוואוֹינֶערִין פוּן עֲרוֹעֵר!
פְרֶעג דֶעם עַנְטְלוֹיפֶער, אוּנְד דֶעם
עַנְטְרוּנֶענֶעם, זָאג וָואס אִיז גֶעוָוארֶען?
20 מוֹאָב אִיז פֶערְשֶׁעמְט גֶעוָוארֶען,
וָוארִין זִיא אִיז אִין שְׁרֶעק, וַויא קְלָאגְט
אוּנְד שְׁרֵייט, זָאגְט עֶס אָן אִין אַרְנוֹן
דָאס מוֹאָב אִיז צוּשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען:
21 אוּנְד אַיין מִשְׁפָּט אִיז גֶעקוּמֶען
אִיבֶּער דֶעם לַאנְד פוּן דֶעם פְּלוֹין,
אִיבֶּער חוֹלוֹן אוּנְד אִיבֶּער יַהְצָה אוּנְד
אִיבֶּער מֵיפָעַת:
22 אוּנְד אִיבֶּער דִיבוֹן אוּנְד אִיבֶּער
נְבוֹ אוּנְד אִיבֶּער בֵּית דִבְלָתָיִם:
23 אוּנְד אִיבֶּער קִרְיָתַיִם אוּנְד אִיבֶּער
בֵּית גָמוּל אוּנְד אִיבֶּער בֵּית מְעוֹן:
24 אוּנְד אִיבֶּער קְרִיּוֹת אוּנְד אִיבֶּער
בָּצְרָה, אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע שְׁטֶעט פוּן
דֶעם לַאנְד מוֹאָב, דִיא וַוייטֶע אוּנְד
דִיא נָאהֶענְטֶע:
25 דָאס הָארְן פוּן מוֹאָב אִיז אָפְּ־
גֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד זַיין אָרֶעם
אִיז צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען, זָאגְט דֶער
הַאר:
26 מַאכְט אִיהְם בֶּעטְרוּנְקֶען (שִׁכּוֹר)
וָוארִין עֶר הָאט זִיךְ גְרוֹיס גֶעמַאכְט
אִיבֶּער דֶעם הַאר, אוּנְד מוֹאָב וֶועט
(זַיינֶע צַיין) קְלַאפֶּען אִין זַיין אוֹיס־
שְׁפֵּייעֶן, אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיךְ זַיין צוּ
אַיין גֶעלֶעכְטֶער:
27 אִיז דֶען נִיט יִשְׂרָאֵל אַיין גֶעלֶעכְ־
טֶער צוּ דִיר, וֶוען זִיא אִיז צְוִוישֶׁען
גַנָבִים גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען? וָוארִין אַזוֹי
אָפְּט וֶוען דוּא הָאסְט גֶערֶעהט דַיינֶע
רֵייד קֶעגֶען אִיהְם, הָאסְט דוּא דִיךְ
אִיבֶּער אִיהְם גֶעשָׁאקֶעלְט:

28 פֶערְלָאזְט דִיא שְׁטֶעט אוּנְד וְואוֹינְט
אוֹיף דֶעם פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין, אִיהְר אֵיינְ־
וְואוֹינֶער פוּן מוֹאָב, אוּנְד זַייט וִויא
אַיין טוֹיבּ, וָואס מַאכְט אִיהְר נֶעסְט
אַן דִיא זַייטֶען פוּן דֶער עֶפֶענוּנְג פוּן
אַ גְרוּבּ:
29 מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט דֶעם שְׁטָאלְץ
פוּן מֹאָב, אַז עֶר אִיז זֶעהְר שְׁטָאלְץ,
זַיין הוֹיכְקֵייט אוּנְד זַיין שְׁטָאלְץ, אוּנְד
דִיא שְׁטָאלְצֶע הוֹיכְקֵייט פוּן זַיין הַארְץ:
30 אִיךְ ווֵייס זַיין צָארְן, זָאגְט דֶער
הַאר, אָבֶּער עֶס זָאל נִיט אַזוֹי זַיין, זַיינֶע
גֶעדַאנְקֶען טְהוּן אוּמְרֶעכְט:
31 דַארוּם קְלָאג אִיךְ אִיבֶּער מוֹאָב,
אִיבֶּער גַאנְץ מוֹאָב שְׁרֵייא אִיךְ, אִיבֶּער
דִיא מֶענְשֶׁען פוּן קִיר־חֶרֶשׂ וֶועט מֶען
זִיפְצֶען:
32 וֶועגֶען דֶעם גֶעווֵיין פוּן יַעְזֵר, וֶועל
אִיךְ אִיבֶּער דִיר ווֵיינֶען, דוּא ווֵיינְשְׁטָאק
פוּן שִׂבְמָה, דֵיינֶע צְווֵייגֶען זֶענֶען אִיבֶּער
דֶעם יַם אַרִיבֶּער, בִּיז צוּ דֶעם יַם פוּן
יַעְזֵר הָאבֶּען זֵייא גֶערֵייכְט, אוֹיף דֵיינֶע
זוּמֶערפְרוּכְט אוּנְד אוֹיף דֵיינֶע ווֵיינְ־
טְרוֹיבֶּען־זַאמְלוּנְג אִיז דֶער צוּשְׁטֶערֶער
גֶעפַאלֶען:
33 אוּנְד עֶס וֶועט אַיינְגֶעטְהוּן וֶוערֶען
דִיא פְרֵייד אוּנְד דִיא פְרֵיילִיכְקֵייט פוּן
כַּרְמֶל אוּנְד פוּן דֶעם לַאנְד מוֹאָב;
אוּנְד דֶעם ווַיין פוּן דִיא קֶעלְטֶער
הָאבּ אִיךְ פֶערשְׁטֶערְט, עֶר וֶועט מֶעהְר
נִיט טְרֶעטֶען מִיט פְרֵייד־גֶעשְׁרֵייא, דִיא
פְרֵייד אִיז נִיט מֶעהְר קֵיין פְרֵייד:
34 פוּן דֶעם גֶעשְׁרֵייא פוּן חֶשְׁבּוֹן בִּיז
אֶלְעָלֵה, בִּיז יַהַץ הָאבֶּען זֵייא דֶערְ־
הוֹיבֶּען זֵייעֶר קוֹל, פוּן צוֹעַר בִּיז
חוֹרוֹנַיִם, בִּיז עֶגְלַת שְׁלִשִׁיָּה; וָוארִין
דָאס וַואסֶער פוּן נִמְרִים וֶועט אוֹיךְ צוּ
ווִיסְט וֶוערֶען:
35 אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען אוֹיפְהֶערֶען
צוּ מוֹאָב, זָאגְט דֶער הַאר, דֶעם וָואס
גֵייט אַרוֹיף אוֹיף דֶער בָּמָה, אוּנְד דֶער
וָואס אִיז מַקְטִיר צוּ זַיינֶע גֶעטֶער:
36 דַארוּם בְּרוּמְט מֵיין הַארְץ וֶועגֶען
מוֹאָב אַזוֹי וִויא מִיט פְלֵייטֶען, אוּנְד
מֵיין הַארְץ בְּרוּמְט אוֹיךְ וֶועגֶען דִיא
מֶענְשֶׁען פוּן קִיר־חֶרֶשׂ אַזוֹי וִויא מִיט
פְלֵייטֶען, ווֵייל דָאס אִיבֶּערִיגֶע וָואס
עֶר הָאט עֶרְוָוארְבֶּען, אִיז פֶערְלוֹירֶען
גֶעוָוארֶען:
37 וָוארִין יֶעדֶער קָאפּ אִיז אוֹיסְ־
גֶעפְּלִיקְט אוּנְד יֶעדֶע בָּארְד אִיז אָפְּ־
גֶעשׁוֹירֶען, אוֹיף אַלֶע זֵייטֶען אִיז אַיינְ־
רַאצוּנְגֶען, אוּנְד אוֹיף דִיא לֶענְדֶען אִיז
אַיין זַאק:
38 אוֹיף אַלֶע דֶעכֶער פוּן מוֹאָב, אוּנְד
אִין אִיהְרֶע גַאסֶען, אִיז דוּרְכאוֹיס אַיין
קְלָאג, וָוארִין אִיךְ הָאבּ צוּבְּרָאכֶען
מוֹאָב אַזוֹי וִויא אַיין כְּלִי, וָואס מֶען
בֶּעגֶעהְרְט אִיהְם נִיט, זָאגְט דֶער הַאר:
39 וִויא אִיז דָאס שְׁרֶעקְלִיךְ, זֵייא
יָאמֶערְן, וִויא הָאט מוֹאָב אוּמְגֶע־
קֶעהְרְט דֶעם נַאקֶען מִיט שֶׁעהְמֶען,
אוּנְד אַזוֹי זָאל מוֹאָב זַיין צוּ אַ גֶע־
לֶעכְטֶער, אוּנְד צוּ אַ שְׁרֶעק צוּ אַלֶע
וָואס זֶענֶען אַרוּם אִיהְם:
40 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה,
עֶר שְׁוֶועבְּט גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אַיין אָדְלֶער,
אוּנְד עֶר פֶערשְׁפְּרֵייט זַיינֶע פְלִיגְלֶען
אִיבֶּער מוֹאָב:
41 עֶס וֶועלֶען בֶּעצְוְואוּנְגֶען וֶוערֶען
דִיא שְׁטֶעט, אוּנְד דִיא פֶעסְטוּנְגֶען
וֶועלֶען אַיינְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אוּנְד דָאס
הַארְץ פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע פוּן מוֹאָב
וֶועט זַיין אִין יֶענֶעם טָאג, אַזוֹי וִויא

דָאס הַאַרְץ פוּן אַ וַוייבּ וָואס אִיז אִין
וֵוייטָאגֶען :
42 אוּנְד מוֹאָב וֶועט פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען
פוּן אֵיין פָאלְק, וָוארִין עֶר הָאט זִיךְ
גְרוֹיס גֶעמַאכְט קֶעגֶען דֶעם הַאר :
43 אֵיין פָארְכְט אוּנְד אַ גְרוּבּ, אוּנְד
אַ נֶעטְץ אִיז אִיבֶּער דִיר, דוּא אֵיינ־
וְואוֹינֶער פוּן מוֹאָב, זָאגְט דֶער הַאר :
44 דֶער וָואס אִיז עֶנְטְלָאפֶען פוּן דֶער
פָארְכְט, וֶועט אַרֵיינְפַאלֶען אִין דִיא
גְרוּבּ, אוּנְד דֶער וָואס אִיז אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען פוּן דִיא גְרוּבּ וֶועט אִין דֶעם
נֶעטְץ בֶּעצְוְואוּנְגֶען וֶוערֶען, וָוארִין אִיךְ
וֶועל אִיבֶּער אִיהְר, אִיבֶּער מוֹאָב
בְּרֶענְגֶען דָאס יָאהְר פוּן זֵייעֶר בֶּע־
שְׁטְרָאפוּנְג, זָאגְט דֶער הַאר :
45 אִין דֶעם שָׁאטֶען פוּן חֶשְׁבּוֹן
שְׁטֵייעֶן עֶנְטְלָאפֶענֶע אָהְן קְרַאפְט,
וָוארִין אֵיין פֵייעֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
פוּן חֶשְׁבּוֹן, אוּנְד אֵיין פְלַאם פוּן
צְוִוישֶׁען סִיחוֹן, אוּנְד עֶס הָאט פֶער־
בְּרֶענְט דֶעם עֶק פוּן מוֹאָב, אוּנְד דֶעם
שֵׁייטֶעל פוּן דִיא זִיהְן פוּן דֶעם גֶע־
טוּמֶעל :
46 אוֹי וַוייא צוּ דִיר, מוֹאָב ! דָאס
פָאלְק פוּן כְּמוֹשׁ אִיז פֶערְלוֹירֶען גֶע־
וָוארֶען, וָוארִין דֵיינֶע זִיהְן זֶענֶען גֶע־
נוּמֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם גֶעפֶענְגֶענִיס,
אוּנְד דֵיינֶע טֶעכְטֶער אִין דֶער גֶע־
פַאנְגֶענְשַׁאפְט :
47 אוּנְד אִיךְ וֶועל אָבֶּער צוּרִיקְ־
בְּרֶענְגֶען דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן מוֹאָב,
אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג, זָאגְט דֶער הַאר,
בִּיז אַהֶער אִיז דָאס מִשְׁפָּט אִיבֶּער
מוֹאָב :

קאפיטעל מט

1 צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן, אַזוֹי
זָאגְט דֶער הַאר, הָאבֶּען דֶען דִיא
יִשְׂרָאֵל נִיט קֵיינֶע קִינְדֶער ? הָאט עֶר
דֶען נִיט קֵיין יוֹרֵשׁ ? וַוארוּם הָאט
מַלְכָּם גֶעעֶרְבְּט גָד, אוּנְד זֵיין פָאלְק
וְואוֹינְט אִין זֵיינֶע שְׁטֶעט ?
2 דַארוּם זֶעה, טֶעג קוּמֶען אָן, זָאגְט
דֶער הַאר, דָאס אִיךְ וֶועל מַאכֶען
הֶערֶען אִיבֶּער רַבַּת פוּן דִיא קִינְדֶער
פוּן עַמּוֹן אֵיין שַׁאלוּנְג פוּן מִלְחָמָה,
אוּנְד זִיא וֶועט וֶוערֶען צוּ אֵיין פֶערְ־
וִויסְטֶען הוֹיפֶען, אוּנְד אִיהְרֶע טֶעכְטֶער
(אָדֶער דֶערְפֶער) וֶועלֶען אִין דֶעם פֵייעֶר
פֶערבְּרֶענְט וֶוערֶען, אוּנְד יִשְׂרָאֵל וֶועט
יַרְשְׁנְ'ן (עֶרְבֶּען) זֵיינֶע יוֹרְשִׁים, זָאגְט
דֶער הַאר :
3 יָאמֶער חֶשְׁבּוֹן, וָוארִין עַי אִיז
צוּשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען ! שְׁרֵייט אִיהְר
טֶעכְטֶער פוּן רַבָּה, קְלֵיידֶעט אֵייךְ אָן
מִיט זֶעק, קְלָאגְט אוּנְד לוֹיפְט אַרוּם
אִין דִיא מוֹיעֶרְן, וָוארִין מַלְכָּם וֶועט
גֵיין אִין גָלוּת, זֵיינֶע כֹּהֲנִים אוּנְד זֵיינֶע
פִירְשְׁטֶען צוּזַאמֶען :
4 וָואס רִימְסְט דוּא דִיךְ מִיט דִיא
טָהאלֶען, דֵיין טָהאל צוּרִינְט, דוּא
וִוידֶערשְׁפֶּענִיגֶע טָאכְטֶער, וָואס זִיא
פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ אוֹיף אִיהְרֶע אוֹצְרוֹת,
וֶוער וֶועט צוּ מִיר קוּמֶען ?
5 זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג אוֹיף דִיר שְׁרֶעק,
זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, פוּן אַלֶע וָואס
זֶענֶען אַרוּם דִיר, אוּנְד אִיהְר וֶועט
יֶעדֶערֶער פַאר אִיהְם אַוֶועקְגֶעשְׁטוֹיסֶען
וֶוערֶען, אוּנְד קֵיינֶער וֶועט נִיט פֶערְ־
זַאמְלֶען דֶעם פֶערְוָואגֶעלְטֶען :
6 אָבֶּער נָאכְדֶעם וֶועל אִיךְ צוּרִיקְ־
קֶעהְרֶען דִיא פֶערטְרִיבֶּענֶע פוּן דִיא
קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן, זָאגְט דֶער הַאר :
7 צוּ אֱדוֹם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר

צְבָאוֹת, אִיז דֶען נִיט מֶעהְר דָא קֵיין
חָכְמָה אִין תֵּימָן ? אִיז דֶען אֵיין עֵצָה
פֶערְלוֹירֶען גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם פֶערְ־
שְׁטֶענְדִיגֶען ? אִיז דֶען זֵייעֶר קְלוּגְשַׁאפְט
פֶערְשְׁלֶעפְּט גֶעוָוארֶען ?
8 עֶנְטְלוֹיפְט, קֶעהְרְט אֵייךְ אָפּ, (זוּכְט)
אֵיין טִיפֶען אָרְט צוּ וְואוֹינֶען, אִיהְר
אֵיינְוואוֹינֶער פוּן דְּדָן, וָוארִין דָאס
אוּמְגְלִיק פוּן עֵשָׂו הָאבּ אִיךְ גֶעבְּרֶענְגְט
אוֹיף אִיהְם, דִיא צֵייט פוּן זֵיינֶע בֶּע־
שְׁטְרָאפוּנְג :
9 וָוען ווייַנְטְרוֹיבֶּען זַאמְלֶער קוּמֶען
צוּ דִיר, וָועלֶען זֵייא דִיר נִיט
אִיבֶּערְלָאזֶען צוּ קְלוֹיבֶּען ? וָוען גַנָבִים
(קוּמֶען) בֵּייא דֶער נַאכְט אַזוֹי וָועלֶען
זֵייא גֶענוּג פֶערְדַארְבֶּען :
10 וָוארִין אִיךְ הָאבּ עֶנְטְפְּלֶעקְט דֶעם
עֵשָׂו, אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעדֶעקְט זֵיינֶע
פֶערְבָּארְגֶענֶע עֶרְטֶער, אוּנְד עֶר קֶען
זִיךְ נִיט בֶּעהַאלְטֶען ; צוּשְׁטֶערְט זֶענֶען
זֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער,
אוּנְד זֵיינֶע שְׁכֵנִים, אוּנְד עֶר אִיז מֶעהְר
נִיט דָא :
11 פֶערְלָאז דֵיינֶע יְתוֹמִים אִיךְ וָועל
זֵייא לָאזֶען לֶעבֶּען, אוּנְד דֵיינֶע אַלְמָנוֹת
זָאלֶען זִיךְ אוֹיף מִיר פֶערְזִיכֶערְן :
12 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, דִיא
וָואס זֵייעֶר מִשְׁפָּט אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען
צוּ טְרִינְקֶען (פוּן) דֶעם בֶּעכֶער, וָועלֶען
דָאךְ מוּזֶען טְרִינְקֶען, אוּנְד זָאלְסְט דוּא
דֶען אוּנְבֶּעשְׁטְרָאפְט בְּלֵייבֶּען ? דוּא
וָועסְט נִיט אוּנְבֶּעשְׁטְרָאפְט בְּלֵייבֶּען,
וָוארִין דוּא וֶועסְט מוּזֶען טְרִינְקֶען :
13 וָוארִין אִיךְ הָאבּ בֵּייא מִיר גֶעשְׁ־
וָוארֶען, זָאגְט דֶער הַאר, דָאס צוּ
וִויסְט, צוּ שַׁאנְד, צוּ צוּשְׁטֶערוּנְג, אוּנְד
צוּ אַ פְלוּךְ וֶועט בָּצְרָה זֵיין, אוּנְד
אַלֶע אִיהְרֶע שְׁטֶעט וֶועלֶען וֶוערֶען צוּ
אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע וִויסְטֶענִים :
14 אִיךְ הָאבּ אֵיין הֶערוּנְג (נַאכְרִיכְט)
גֶעהֶערְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אֵיין
שָׁלִיחַ אִיז צְוִוישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער
גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען, פֶערְזַאמֶעלְט אֵייךְ
אוּנְד קוּמְט קֶעגֶען אִיהְר, אוּנְד שְׁטֵייט
אוֹיף צוּ דֶער מִלְחָמָה :
15 וָוארִין זֶעה, אִיךְ הָאבּ דִיךְ קְלֵיין
גֶעגֶעבֶּען (גֶעמַאכְט) אוּנְטֶער דִיא
פֶעלְקֶער, פֶערְשֶׁעהְמְט (פֶערַאכְטֶעט)
אוּנְטֶער מֶענְשֶׁען :
16 דֵיין שְׁרֶעקְלִיכֶעס גֶעצֶענְבִּילְד הָאט
דִיךְ פֶערְפִיהְרְט, דִיא מוּטְהְוִוילִינְקֵייט
פוּן דֵיין הַארְץ, ווייַל דוּא וְואוֹינְסְט
אִין דִיא שְׁפַּאלְטֶען פוּן אַ פֶעלְזֶען־
שְׁטֵיין, ווייַל דוּא הַאלְטְסְט אָן דִיא
הֵייךְ פוּן דֶעם הִיגֶעל, דָאךְ וָוען דוּא
זָאלְסְט אוֹיךְ אוֹיפְהֵייבֶּען דֵיין נֶעסְט
אַזוֹי וִויא דֶער אָדְלֶער, אַזוֹי וֶועל אִיךְ
דִיךְ פוּן דָארְטֶען אוֹיךְ אַרוּנְטֶערְבְּרֶענְגֶען,
זָאגְט דֶער הַאר :
17 אוּנְד אֱדוֹם וֶועט צוּ פֶערְוִויסְטוּנְג
וֶוערֶען, יֶעדֶער וָואס וֶועט פֶערְבֵּייא
גֵיין וֶועט זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְן אוּנְד פֵייפֶען
(צִישֶׁען) אִיבֶּער אַלֶע אִיהְרֶע שְׁלֶעג :
18 אַזוֹי וִויא דִיא אִיבֶּערְקֶעהְרוּנְג פוּן
סְדוֹם אוּנְד עֲמוֹרָה אוּנְד אִיהְרֶע שְׁכֵנִים,
זָאגְט דֶער הַאר, אַזוֹי וֶועט דָארְטֶען
קֵיין מֶענְשׁ נִיט בְּלֵייבֶּען, אוּנְד קֵיין
מֶענְשֶׁען־קִינְד וֶועט דָארְטֶען נִיט
וְואוֹינֶען :
19 זֶעה, וִויא אֵיין לֵייבּ וֶועט עֶר
אַרוֹיפְגֵיין פוּן דֶער שְׁטָאלְצְהֵייט פוּן דֶעם
יַרְדֵן צוּ דֶעם שְׁטַארְקֶען וֵויידֶע אָרְט,
וָוארִין אוֹיגֶענְבְּלִיקְלִיךְ וֶועל אִיךְ אִיהְם
מַאכֶען עֶנְטְלוֹיפֶען פוּן דַאנֶען, אוּנְד


ווער

װֶער אִיז דֶער אױסְדֶערְװֵײלְטֶער אַז אִיךְ
זָאל אִיהְם קֶענֶען אױפשְׁטֶעלֶען ? װָארִין
װֶער אִיז גְלֵײךְ צוּ מִיר ? אוּנְד װֶער
װֶעט מִיר אֵײנֶע צֵײט בֶּעשְׁטִימֶען ? אוּנְד
װֶער אִיז דֶער פַאסְטוּךְ װָאס קֶען פַאר
מִיר בֶּעשְׁטֵײן ?
20 דַארוּם הֶערְט דֶעם רַאטְה (עֵצָה)
פוּן דֶעם הַאר, װָאס עֶר הָאט גֶע־
רַאטֶען (אַן עֵצָה גֶעגֶעבֶּען) קֶעגֶען
אֱדוֹם, אוּנְד זֵײנֶע גֶעדַאנְקֶען װָאס עֶר
הָאט גֶעמְרַאכְט קֶעגֶען דִיא אֵײנװָאוינֶער
פוּן תֵּמָן, יָא, מֶען װֶעט זֵײא אַװֶעקְ־
שְׁלֶעפֶּען װִיא דִיא יוּנְגֶע שָׁאף, יָא,
עֶרְשְׁטוינֶען װֶעט זֵײן אִיבֶּער זֵײעֶר
װֵײדֶע אָרְט :
21 פוּן דֶעם קוֹל פוּן זֵײעֶר פַאלֶען
צִיטֶערְט דִיא עֶרְד, אֵײן גֶעשְׁרֵײא,
בֵּײא דֶעם יַם סוּף װֶעט גֶעהֶערְט
אִיהְר קוֹל :
22 זֶעה, װִיא אֵײן אָדְלֶער גֵײט עֶר
אױף אוּנְד עֶר שְׁװֶעבְּט, אוּנְד עֶר
שְׁפְּרֵײט אוֹיס זֵײנֶע פְלִיגְלֶען אִיבֶּער
בָּצְרָה, אוּנְד עֶס װֶעט זֵײן דָאס הַארְץ
פוּן דֶעם שְׁטַארְקֶען פוּן אֱדוֹם אִין
יֶענֶעם טָאג, אַזוֹי װִיא דָאס הַארְץ פוּן
אַ פְרױא אִין אִיהְרֶע גֶעבּוּרְטְס־װֵײעֶן :
23 צוּ דַמֶּשֶׂק, פֶערְשֶׁעמְט אִיז חֲמָת
אוּנְד אַרְפָּד, װָארִין זֵײא הָאבֶּען אֵײנֶע
שְׁלֶעכְטֶע הֶערוּנְג גֶעהֶערְט, זֵײא זֶענֶען
צוּגַאנְגֶען ; אִין דֶעם יַם אִיז זָארְג, עֶר
קֶען נִיט שְׁטִיל זֵײן :
24 דַמֶּשֶׂק אִיז שְׁלַאף גֶעװָארֶען, זִיא
הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּ עֶנְטְלױפֶען,
אוּנְד שְׁרֶעקֶען הָאט אִיהְר אָנְגֶענוּמֶען,
אַנְגְסְט אוּנְד װֵײטָאגֶען הָאט אִיהְר
אָנְגֶענוּמֶען װִיא אַ גֶעבּוֹירֶערִין (גֶע־
בֶּערֶערִין) :
25 װִיא אַזוֹי אִיז נִיט פֶערְלָאזְט דִיא
גֶעלױבְּטֶע שְׁטָאט, דִיא שְׁטָאט פוּן
מֵײנֶע פְרֵײד ?
26 דַארוּם װֶעלֶען אִיהְרֶע יוּנְגֶע לֵײט
פַאלֶען אִין אִיהְרֶע גַאסֶען, אוּנְד
אַלֶע מִלְחָמָה־לֵײט װֶעלֶען פֶערְטִילְגְט
װֶערֶען אִין יֶענֶעם טָאג, זָאגְט דֶער
הַאר צְבָאוֹת :
27 אוּנְד אִיךְ װֶעל אָנְצִינְדֶען אֵײן
פֵײעֶר אִין דִיא מױעֶר פוּן דַמֶּשֶׂק,
אוּנְד עֶס װֶעלֶען בְּרֶענֶען דִיא פַאלַאצֶען
פוּן בֶּן־הֲדַד :
28 צוּ קֵדָר, אוּנְד צוּ דֶעם קֶענִיגְרֵײךְ
פוּן חָצוֹר, װָאס נְבוּכַדְרֶאצַר, דֶער
קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט גֶעשְׁלָאגֶען, אַזוֹי
זָאגְט דֶער הַאר, שְׁטֵײט אױף, גֵײט
אַרױף קֶעגֶען קֵדָר, אוּנְד צוּשְׁטֶערְט
דִיא זִיהְן פוּן מִזְרַח־לַאנְד :
29 זֵײרֶע גֶעצֶעלְטֶען אוּנְד זֵײרֶע שָׁאף
װֶעלֶען זֵײא צוּנֶעמֶען, זֵײרֶע פָּארְ־
הַאנְגֶען אוּנְד אַלֶע זֵײרֶע כֵּלִים, אוּנְד
זֵײרֶע קֶעמֶעלְן װֶעלֶען זֵײא מִיט זִיךְ
אַװֶעקְפִיהְרֶען, אוּנְד זֵײא װֶעלֶען אִיבֶּער
זֵײא רוּפֶען אַ שְׁרֶעק פוּן רִינְגְס אַרוּם :
30 עֶנְטְלױפְט, װֶערְט זֶעהְר פֶערְ־
װָאגֶעלְט, מַאכְט אֵײךְ טִיף צוּ װְאוינֶען
אִיהְר אֵײנװָאוינֶער פוּן חָצוֹר, זָאגְט
דֶער הַאר, װָארִין אױף אֵײךְ הָאט
נְבוּכַדְרֶאצַר, דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל אֵײן
עֵצָה גֶעהַאלְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט אױף
אֵײךְ אֵײן גֶעדַאנְק גֶעטְרַאכְט :
31 שְׁטֵײט אױף, גֵײט אַרױף צוּ אַ
רוּהִיג פָאלְק, װָאס װְאוינְט זִיכֶער,
זָאגְט דֶער הַאר, עֶר הָאט נִיט קֵײנֶע
טְהִירֶען אוּנְד קֵײנֶע רִיגְלֶען, עֶר זִיצְט
(װְאוינְט) גַאנְץ אַלֵײן :
32 אוּנְד זֵײרֶע קֶעמֶעלְן װֶעלֶען זֵײן

צוּ רויב, אוּנְד דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן
זֵייעֶרֶע שָׁאף וֶועלֶען (אויךְ) זֵיין צוּ
פְּלִינְדֶערוּנְג (רויב), אוּנְד אִיךְ וֶועל
זֵייא צוּשְׁפְּרֵייטֶען צוּ אַלֶע זֵייטֶען, דִיא
גֶעשׁוירֶענֶע הָאאָרֶעקֶען (פֵּיאוֹת) אוּנְד
פוּן אַלֶע זֵייטֶען וֶועל אִיךְ זֵייעֶר אוּמ־
גְלִיק בְּרֶענְגֶען, זָאגְט דֶער הַאר:
33 אוּנְד חָצוֹר וֶועט זֵיין צוּ אַ וְואוינוּנְג
פוּן שָׁאקָאלֶען, אַ פֶערְוִויסְטוּנְג בִּיז
אֵייבִּיג, קֵיין מֶענְשׁ וֶועט דָארְטֶען נִיט
וְואוינֶען, אוּנְד קֵיין מֶענְשֶׁען־זוּהְן וֶועט
זִיךְ דָארְטֶען נִיט אוֹיפְהַאלְטֶען:
34 דָאס אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ,
דֶעם נָבִיא, וֶועגֶען עֵילָם, אִין דֶעם
אָנְפַאנְג פוּן דֶער רֶעגִירוּנְג פוּן צִדְקִיָהוּ,
דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
35 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
זֶעה, אִיךְ צוּבְּרֶעךְ דֶעם בּוֹיגֶען פוּן
עֵילָם, דָאס הוֹיפְּט פוּן זֵייעֶר שְׁטַארְקֵייט:
36 אוּנְד אִיךְ וֶועל בְּרֶענְגֶען אִיבֶּער
עֵילָם פִיעֶר וִוינְדֶען (רוּחוֹת) פוּן דִיא
פִיעֶר עֶקֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד
אִיךְ וֶועל זֵייא צוּשְׁפְּרֵייטֶען צוּ אַלֶע
דִיא דָאזִיגֶע וִוינְדֶען, אוּנְד עֶס וֶועט
נִיט זֵיין אֵיין פָאלְק וָואס דָארְטֶען
וֶועלֶען נִיט אַרֵיינְקוּמֶען דִיא פֶערְ־
שְׁטוֹיסֶענֶע פוּן עֵילָם:
37 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּבְּרֶעכֶען עֵילָם
פַאר זֵייעֶרֶע פֵיינְד, אוּנְד פַאר דִיא וָואס
בֶּעגֶעהְרֶען זֵייעֶרֶע זֶעעלֶע, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אִיבֶּער זֵייא שְׁלֶעכְטֶעס בְּרֶענְגֶען,
מֵיין גְרִימְצָארְן, זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד
אִיךְ וֶועל הִינְטֶער זֵייא שִׁיקֶען דָאס
שְׁוֶוערְד, בִּיז אִיךְ וֶועל זֵייא פֶערְ־
לֶענְדֶען:
38 אוּנְד אִיךְ וֶועל מֵיין שְׁטוּהְל
שְׁטֶעלֶען אִין עֵילָם, אוּנְד אִיךְ וֶועל
פוּן דָארְטֶען פֶערְטִילְגֶען דֶעם קֶענִיג,
אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען, זָאגְט דֶער הַאר:
39 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אַם עֶנְד פוּן
דִיא טֶעג, אַזוֹי וֶועל אִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען
דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן עֵילָם, זָאגְט
דֶער הַאר:

## קאפיטעל נ

1 דָאס אִיז דָאס וָוארְט, וָואס דֶער
הַאר הָאט גֶערֶעדט קֶעגֶען בָּבֶל, קֶעגֶען
דֶעם לַאנְד פוּן דִיא כַּשְׂדִים, דוּרְךְ
יִרְמְיָהוּ דֶעם נָבִיא:
2 זָאגְט עֶס אָן צְוִוישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער,
אוּנְד מַאכְט עֶס הֶערֶען, אוּנְד דֶערְ־
הֵייבְּט אֵיין פָאהְן, מַאכְט עֶס הֶערֶען,
אִיהְר זָאלְט עֶס נִיט פֶערְלֵייקֶענֶען,
זָאגְט, בָּבֶל אִיז בֶּעצְוָואוּנְגֶען גֶעוָוארֶען,
בֵּל אִיז פֶערְשֶׁעמְט, מְרוֹדָךְ אִיז צוּ־
בְּרָאכֶען, אִיהְרֶע גֶעצֶענְבִּילְדֶער זֶענֶען
צוּ שַׁאנְד, אִיהְרֶע אוּמְוֶוירְדִיגְקֵייטֶען
זֶענֶען צוּבְּרָאכֶען:
3 וָוארִין אֵיין פָאלְק גֵייט אַרוֹיף
קֶעגֶען אִיהְר פוּן צָפוֹן־זֵייט, אוּנְד עֶר
וֶועט אִיהְר לַאנְד וִויסְט מַאכֶען,
אוּנְד עֶס וֶועט אִין אִיהְר קֵיין אֵיינ־
וְואוינֶער נִיט זֵיין; פוּן מֶענְשֶׁען בִּיז
בְּהֵמוֹת, פֶערְוָואגְלֶען זֵייא זִיךְ, אוּנְד
גֵייעֶן אַוֶועק:
4 אִין יֶענֶע טֶעג, אוּנְד אִין יֶענֶער
צֵייט, זָאגְט דֶער הַאר, וֶועלֶען דִיא
קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל קוּמֶען, זֵייא אוּנְד
דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה צוּזַאמֶען, זֵייא
וֶועלֶען גֵיין, וֵויינֶענְדִיג וֶועלֶען זֵייא גֵיין,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זוּכֶען דֶעם הַאר, זֵייעֶר
גָאט:
5 נָאךְ צִיוֹן וֶועלֶען זֵייא זִיךְ פְרֶעגֶען,
זֵייעֶר אָנְגֶעזִיכְט (קֶעהְרְט זִיךְ) אוֹיף

דעם וועג אהין; קומט, אונד לאזען
מיר זיך בעהעפטען צו דעם האר,
דער אייביגער ברית (בונד) וואס וועט
ניט פערגעסען ווערען:
6 פערלוירענע שאף זענען געוועזען
מיין פאלק, זייערע הירטען (פאסטוכער)
האבען זייא פערפיהרט אויף ווילדע
בערג, פון דעם בארג צו דעם הינעל
זענען זייא געגאנגען, זייא האבען
פערגעסען זייער לאגערונגס־ארט:
7 אלע דיא וואס האבען זייא גע־
פונען, האבען זייא געגעסען, אונד
זייערע בעדרענגער האבען געזאגט,
מיר זענען ניט שולדיג, ווייל זייא
האבען געזינדיגט קעגען דעם האר,
וואס ער איז דיא וויידע פון גע־
רעכטיגקייט אונד דיא האפענונג פון
זייערע עלטערן, קעגען דעם האר:
8 פערוואגעלט אייך פון בבל, אונד
גייט ארויס פון דעם לאנד פון דיא
כשדים, אונד זייט וויא דיא בעק פאר
דיא שאף:
9 וואריין זעה, איך דערוועק אונד
ברענג ארויף קעגען בבל איינע פערר־
זאמלונג פון גרויסע פעלקער, פון דעם
לאנד פון צפון־זייט, אונד זייא וועלען
זיך קעגען איהר צוגרייטען, פון דארטען
וועט זיא איינגענומען ווערען, זייערע
פיילען זענען וויא איין קלוגער
העלד וואס קעהרט זיך ניט צוריק
ליידיג:
10 אונד כשדים וועט זיין צו זאק־
רויב, אלע דיא וואס רויבען איהר
וועלען זאט ווערען, זאגט דער האר:
11 ווייל איהר האט אייך געפרייט
ווייל איהר האט אייך בערימט איהר
רויבער פון מיין נחלה, וואריין איהר
זענט פעט געווארען אזוי וויא איין
קאלב וואס דרעשט, אונד איהר האט
געלארמעט אזוי וויא דיא שטארקע
פערד:
12 איירע מוטער ווערט זייער פער־
שעהמט, אונד איירע געווינערן ווערט
בלאס; זעה, דער סוף פון דיא פעל־
קער (וועט זיין) צו א טריקענע אונד
צו א צושטערטע מדבר:
13 פון וועגען דעם צארן פון דעם
האר, וועט זיא ניט בעוואוינט ווערען,
גייערט זיא וועט אים גאנצען פערוויסט
זיין, יעדערער וואס וועט פערבייא
גיין פאר בבל וועט ערשטוינען אונד
וועט שמוצערן (שפאטען) איבער אלע
איהרע מכות (וואונדען):
14 גרייט אייך צו אויף בבל רינגס ארום,
אלע דיא וואס שפאנען דעם בויגען,
ווארפט צו איהר, שפארט ניט קיין
פייל, וואריין זיא האט געזינדיגט קעגען
דעם האר:
15 שאלט אויף איהר רינגס ארום,
זיא האט שוין איהר האנד געגעבען,
איהרע גרונד־פעסטונגען זענען שוין
איינגעפאלען, איהרע מויערן זענען
צושטערט געווארען, וואריין דאס איז
דיא נקמה פון דעם האר, זייט אייך
נוקם אין איהר, אזוי וויא זיא האט
געטהון, אזוי טהוט צו איהר אויך!
16 פערשנייט דעם זייער פון בבל,
אונד דעם וואס האלט א סערפ
(זיבעל) אין דיא צייט פון דעם שניט;
וועגען דער בעדריקונג פון דעם שווערד,
לאז זיך יעדער מאן קעהרען צו זיין
פאלק, אונד יעדער מאן זאל ענטלויי־
פען צו זיין לאנד:
17 א פערשפרייטע שאף איז ישראל,


לייבען

לײבּען הָאבּען זײא פֶערשְׁטױסֶען, צוּם
עֶרשְׁטֶען הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעסֶען דֶער
קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר, אוּנְד צוּ לֶעצְט
הָאט אִיהְם נְבוּכַדְרֶאצַר, דֶער קֶענִיג
פוּן בָּבֶל, זֵיינֶע בֵּיינֶער צוּבְּרָאכֶען:
18 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, זֶעה, אִיךְ
בֶּעפֶעהְל דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל אַזוֹי
וִויא אִיךְ הָאבּ בֶּעפוֹילֶען דֶעם קֶענִיג
פוּן אַשּׁוּר:
19 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיא יִשְׂרָאֵל צוּרִיק־
בְּרֶענְגֶען צוּ זֵיינֶע וְואוֹינוּנְג, אוּנְד עֶר
וֶועט זִיךְ ווֵיידֶען אוֹיף דֶעם כַּרְמֶל
אוּנְד אוֹיף דֶעם בָּשָׁן; אוּנְד אוֹיף דֶעם
בַּארְג פוּן אֶפְרַיִם, אוּנְד אוֹיף דֶעם
גִלְעָד וֶועט זִיךְ זֵיינֶע זֶעעֶלֶע זֶעטִיגֶען:
20 אִין דִיא דָאזִיגֶע טֶעג אוּנְד אִין
דִיא דָאזִיגֶע צֵייט, זָאגְט דֶער הַאר,
וֶועט גֶעזוּכְט וֶוערֶען דִיא זִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶס וֶועט נִיט זֵיין, אוּנְד
דִיא זִינְד פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶס וֶועט
נִיט גֶעפוּנֶען וֶוערֶען, וָוארִין אִיךְ וֶועל
פֶערְגֶעבֶּען צוּ דֶעם וָואס אִיךְ וֶועל
אִיבֶּערְלָאזֶען:
21 אוֹיף דֶעם לַאנְד מְרָתַיִם (דָאפֶּעלְט
וִוידֶערְשְׁפֶּענִיג) זָאלְסְט דוּא אַרוֹיפְגֵיין
צוּ אִיהְר, אוּנְד צוּ דִיא אֵיינְוְואוֹינֶער
פוּן פְּקוֹד (בֶּעשְׁטְרָאפוּנְג) זָאלְסְט דוּא
צוּשְׁטֶערֶען אוּנְד פֶערְוִויסְטֶען אוּנְטֶער
זֵייא, זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד טְהוּא אַזוֹי
וִויא אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעבָּאַ־
טֶען:
22 אֵיין קוֹל פוּן מִלְחָמָה אִיז אִין דֶעם
לַאנְד, אוּנְד אֵיין גְרוֹיסֶער בְּרָאךְ:
23 אוֹי וִויא אִיז אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען אוּנְד
צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען, דֶער הַאמֶער פוּן
דִיא גַאנְצֶע עֶרְד! אוֹי וִויא אִיז בָּבֶל
גֶעוָוארֶען צוּ עֶרְשְׁטוֹינוּנְג אוּנְטֶער אַלֶע
פֶעלְקֶער!
24 אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט אוּנְד
דוּא בִּיסְט אוֹיךְ בֶּעצְוְואוּנְגֶען גֶעוָוארֶען
דוּא בָּבֶל, אוּנְד דוּא הָאסְט עֶס נִיט
גֶעוְואוּסְט, דוּא בִּיסְט גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען
אוּנְד אוֹיךְ בֶּעצְוְואוּנְגֶען גֶעוָוארֶען,
וָוארִין דוּא הָאסְט דִיךְ גֶערֵייצְט קֶעגֶען
גָאט:
25 דֶער הַאר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט זֵיין
אוֹצָר אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען
דִיא כֵּלִים פוּן זֵיין גְרִימְצָארְן, וָוארִין
דָאס אִיז דִיא אַרְבֵּייט (מְלָאכָה) פוּן יְהֹוָה
דֶעם הַאר צְבָאוֹת אִין דֶעם לַאנְד פוּן
דִיא כַּשְׂדִים:
26 קוּמְט צוּ אִיהְר פוּן דֶעם עֶנְד (פוּן
דֶער עֶרְד), עֶפֶענְט אוֹיף אִיהְרֶע
זַאשִׁיקֶעס (גֶעטְרֵיידֶע קַאמֶערְן), הֵייבְּט
אִיהְר אוֹיף אִין דֶער הֵייךְ וִויא הוֹיפֶענְס
פוּן גַארְבֶּען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אִיהְר
פֶערְוִויסְטֶען, דָאס עֶס זָאל פוּן אִיהְר
קֵיין אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג נִיט זֵיין:
27 פֶערְוִויסְט אַלֶע אִיהְרֶע אָקְסֶען,
זֵייא זָאלֶען צוּ דֶעם שְׁלַכְטֶען אַרוּנְטֶערְ־
נִידֶערְן, אוֹי וֵוייא, אִיז צוּ זֵייא,
וָוארִין זֵייעֶר טָאג אִיז גֶעקוּמֶען, דִיא
צֵייט פוּן זֵייעֶר בֶּעשְׁטְרָאפוּנְג:
28 אֵיין קוֹל פוּן דִיא עֶנְטְלָאפֶענֶע
אוּנְד פוּן דִיא עֶנְטְרִינֶענֶע פוּן דֶעם
לַאנְד בָּבֶל, אָנְצוּזָאגֶען אִין צִיוֹן דִיא
נְקָמָה פוּן דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט, דִיא
נְקָמָה פוּן זֵיין הֵיכָל (טֶעמְפֶּעל):
29 מַאכְט עֶס הֶערֶען צוּ בָּבֶל, פִיל,
אַלֶע דִיא וָואס שְׁפַּאנֶען דֶעם בּוֹיגֶען,
לַאגֶערְט אֵייךְ אוֹיף אִיהְר רִינְגְס אַרוּם,
דָאס עֶס זָאל צוּ אִיהְר קֵיין עֶנְטְרִינוּנְג
נִיט זֵיין, בֶּעצָאהְלְט אִיהְר נָאךְ אִיהְרֶע

טֶערְק, אַזוֹי וִויא אַלֶעס וָואס זִיא הָאט
גֶעטְהוּן אַזוֹי טְהוּט צוּ אִיהְר אוֹיךְ,
וָוארִין זִיא הָאט גֶעמוּטְוִוילִיגְט צוּ
דֶעם הַאר, דֶעם הֵיילִיגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל:
30 דַארוּם וֶועלֶען אַלֶע אִיהְרֶע יוּנְגֶע־
לֵייט פַאלֶען אִין אִיהְרֶע גַאסֶען, אוּנְד
אַלֶע אִיהְרֶע מִלְחָמָה־לֵייט וֶועלֶען פֶערְ־
שְׁנִיטֶען וֶוערֶען אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג,
זָאגְט דֶער הַאר:
31 זֶעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיר, דוּא
מוּטְוִוילִיגֶער! זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
וָוארִין דֵיין טָאג אִיז גֶעקוּמֶען, דִיא
צֵייט פוּן דֵיינֶע בֶּעשְׁטְרָאפוּנְג:
32 אוּנְד דֶער מוּטְוִוילִיגֶער וֶועט גֶע־
שְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען אוּנְד וֶועט פַאלֶען,
אוּנְד קֵיינֶער וֶועט אִיהְם נִיט אוֹיפְ־
שְׁטֶעלֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אָנְצִינְדֶען אֵיין
פֵייעֶר אִין זֵיינֶע שְׁטֶעט, אוּנְד עֶס וֶועט
פֶערְבְּרֶענֶען אַלֶע זֵיינֶע אוּמְגֶעגֶענְד:
33 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
גֶערוֹיבְּט זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה צוּזַאמֶען,
אוּנְד דִיא אַלֶע וָואס הָאבֶּען זֵייא
גֶעפַאנְגֶען הַאלְטֶען זֵייא פֶעסְט, זֵייא
וִוילֶען זֵייא נִיט לָאזֶען אַוֶועקְגֵיין:
34 אָבֶּער זֵייעֶר דֶערְלֵייזֶער אִיז
שְׁטַארְק, דֶער הַאר צְבָאוֹת אִיז זֵיין
נָאמֶען, עֶר וֶועט גֶעווִיס קְרִיגֶען זֵייעֶר
קְרִיג, כְּדֵי עֶר זָאל בֶּערוּהִיגֶען דִיא
עֶרְד, אוּנְד מַאכֶען צִיטֶערְן דִיא אֵיינְ־
וְואוֹינֶער פוּן בָּבֶל:
35 אֵיין שְׁוֶוערְד אִיז אִיבֶּער דִיא כַּשְׂדִים,
זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד אִיבֶּער דִיא
אֵיינְווָאוֹינֶער פוּן בָּבֶל, אוּנְד אִיבֶּער
אִיהְרֶע פִירְשְׁטֶען, אוּנְד אִיבֶּער אִיהְרֶע
קְלוּגֶע לֵייט:
36 אֵיין שְׁוֶוערְד אִיז אִיבֶּער דִיא לִיגְנֶער
שְׁטִיפְטֶער דָאס זֵייא זָאלֶען נַארִישׁ
וֶוערֶען, אֵיין שְׁוֶוערְד אִיז אִיבֶּער אִיהְרֶע
שְׁטַארְקֶע דָאס זֵייא זָאלֶען דֶערשְׁרָאקֶען
וֶוערֶען (אָדֶער צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען):
37 אֵיין שְׁוֶוערְד אִיז אִיבֶּער זֵיינֶע פֶערְד,
אוּנְד אִיבֶּער זֵיינֶע רֵייטְוֶועגֶען, אוּנְד
אִיבֶּער דָאס גַאנְצֶע גֶעמִישְׁטֶע (פָאלְק)
וָואס זֶענֶען אִין אִיהְר מִיטֶען, דָאס
זֵייא זָאלֶען זֵיין גְלֵייךְ וִויא וֵוייבֶּער,
אֵיין שְׁוֶוערְד אִיז אִיבֶּער אִיהְרֶע אוֹצְרוֹת
דָאס זֵייא זָאלֶען גֶערוֹיבְּט וֶוערֶען:
38 אֵיין טְרִיקֶענִיס אִיז אִיבֶּער אִיהְרֶע
וַואסֶערְן דָאס זֵייא זָאלֶען אוֹיסְגֶע־
טְרִיקֶענְט וֶוערֶען, וָוארִין עֶס אִיז אֵיין
לַאנְד פוּן גֶעצֶענְבִּילְדֶער, אוּנְד זֵייא
וֶוערֶען נַארִישׁ מִיט זֵייעֶרֶע שְׁרֶעקְ־
בִּילְדֶער:
39 דַארוּם וֶועלֶען דָא וְואוֹינֶען (צִיִים)
ווִילְדֶע חַיוֹת פוּן דֶער וִויסְטֶענִיס מִיט
שְׁרֶעקְלִיכֶע חַיוֹת (אִיִים), אוּנְד אוֹיךְ
וֶועלֶען אִין אִיהְר וְואוֹינֶען דִיא טֶעכְטֶער
פוּן דֶעם שְׁטְרוֹיס, אוּנְד זִיא וֶועט
מֶעהְר נִיט בֶּעוְואוֹינְט זֵיין אוֹיף אֵייבִּיג,
אוּנְד עֶס וֶועט קֵיין רוּהֶע אָרְט דָארְטֶען
נִיט זֵיין פוּן דוֹר צוּ דוֹר:
40 אַזוֹי וִויא דִיא אִיבֶּערְקֶעהְרוּנְג פוּן
סְדוֹם אוּנְד עַמוֹרָה אוּנְד אַלֶע
אִיהְרֶע שְׁכֵנִים, זָאגְט דֶער הַאר, אַזוֹי
וֶועט דָארְטֶען קֵיין מֶענְשׁ נִיט וְואוֹינֶען
אוּנְד קֵיין מֶענְשֶׁען־זוּהְן וֶועט זִיךְ
דָארְטֶען נִיט אוֹיפְהַאלְטֶען:
41 זֶעה, אֵיין פָאלְק קוּמְט אָן פוּן
צָפוֹן־זֵייט, אוּנְד אֵיין גְרוֹיס פָאלְק,
אוּנְד פִיל קֶענִיגֶע דֶערְוֶועקֶען זִיךְ פוּן
דִיא עֶנְדֶען פוּן דֶער עֶרְד:
42 בּוֹיגֶען אוּנְד שְׁפִּיזֶען הַאלְטֶען זֵייא,
זֵייא זֶענֶען אַכְזָרִים (גְרוֹיזַאם) אוּנְד

דֶערבַּארְמֶען זִיךְ נִיט, זֵייעֶר קוֹל
בְּרוּמְט וִויא דָאס יַם, אוּנְד זֵייא רֵייטֶען
אוֹיף פֶערְד, עֶר אִיז אָנְגֶעגְרֵייט וִויא
אֵיין מַאן צוּ דֶער מִלְחָמָה, קֶעגֶען דִיר
דוּא טָאכְטֶער בָּבֶל׃
43 וֶוען דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט
פוּן זֵייא גֶעהֶערְט, אַזוֹי זֶענֶען זֵיינֶע
הֶענְד שְׁלַאף גֶעוָוארֶען, אַנְגְסְט הָאט
אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען, אַ צִיטֶערְנִיש וִויא
אֵיינֶע גֶעוִוינֶערִין (גֶעבֶּערֶערִין)׃
44 זֶעה, עֶר קוּמְט אַרוֹיף וִויא אַ
לֵייבּ פוּן דֶער פְּרַאכְט פוּן דֶעם יַרְדֵן,
צוּ דֶעם שְׁטַארְקֶען וֵוייֶדע אָרְט, וָוארִין
אִיךְ וֶועל זֵייא אוּנְגֶעבְּלִיקְלִיךְ מַאכֶען
אַוֶועקְלוֹיפֶען פוּן דַאנֶען, אוּנְד וֶוער עֶס
אִיז אוֹיסְדֶערְוֶויילְט דֶעם וֶועל אִיךְ
אִיבֶּער אִיהְם אוֹיפְנֶעמֶען, אוּנְד וֶוער
אִיז צוּ מִיר גְלֵייךְ, אוּנְד וֶוער קֶען מִיר
אֵיינֶע צֵייט בֶּעשְׁטִימֶען, אוּנְד וֶוער אִיז
דֶער פַּאסְטוּךְ (הִירְט), וָואס קֶען שְׁטֵיין
פַאר מִיר?
45 דַארוּם הֶערְט דִיא עֵצָה (רַאטְה)
פוּן דֶעם הַאר, וָואס עֶר הָאט אַן
עֵצָה גֶעגֶעבֶּען קֶעגֶען בָּבֶל, אוּנְד
זֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען וָואס עֶר הָאט גֶע־
טְרַאכְט קֶעגֶען דֶעם לַאנְד כַּשְׂדִים,
וֶועט מֶען זֵייא דֶען נִיט אַוֶועקְשְׁלֶעפֶּען
וִויא דִיא יוּנְגֶע שָׁאף, וֶועט דֶען אִיבֶּער
זֵייא נִיט פֶערְוִויסְט וֶוערֶען (אָדֶער
עֶרשְׁטוּינֶען) דֶער וֵוייֶדע פְּלַאץ?
46 פוּן וֶועגֶען דֶעם קוֹל, אִיז בָּבֶל
אֵיינְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען, דִיא עֶרְד אִיז
דֶערְצִיטֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אֵיין
גֶעשְׁרֵייא וֶוערְט גֶעהֶערְט צְוִוישֶׁען דִיא
פֶעלְקֶער׃

## קאפיטעל נא

1 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, אִיךְ
דֶערְוֶועק אִיבֶּער בָּבֶל אוּנְד אִיבֶּער דִיא
אֵיינְוואוינֶער פוּן מֵיין הַארְצֶענְס־פֵיינְד
(כַּשְׂדִים), אֵיין פֶערְדַארְבּוּנְג וִוינְד (רוּחַ)׃
2 אוּנְד אִיךְ וֶועל שִׁיקֶען אִיבֶּער בָּבֶל
וַוארְפְלֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵייא
וַוארְפְלֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אוֹיסְ־
לֵיידִיגֶען אִיהְר לַאנְד, וָוארִין זֵייא וֶועלֶען
זֵיין קֶעגֶען זֵייא פוּן רִינְגְס אַרוּם, אַן
דֶעם טָאג פוּן שְׁלֶעכְטֶעס׃
3 קֶעגֶען דֶעם טְרֶעטֶער, זָאל דֶער
שִׁיסֶער שְׁפַּאנֶען (טְרֶעטֶען) זֵיין בּוֹיגֶען,
אוּנְד קֶעגֶען דֶעם וָואס דֶערְהֵייבְּט זִיךְ
מִיט זֵיין פַּאנְצֶער, אוּנְד אִיהְר זָאלְט
אֵייךְ נִיט דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער אִיהְרֶע
יוּנְגֶע לֵייט, פֶערְוִויסְט (זֵייט מַחֲרִים)
אִיהְרֶע גַאנְצֶע הֶערְשַׁאפְט׃
4 אוּנְד עֶס וֶועלֶען פַאלֶען דֶער־
שְׁלָאגֶענֶע אִין דֶעם לַאנְד פוּן כַּשְׂדִים,
אוּנְד דֶערשְׁטָאכֶענֶע אִין אִיהְרֶע גַאסֶען׃
5 וָוארִין נִיט פֶערְלָאזְט (אָדֶער אֵיין
אַלְמָן) אִיז יִשְׂרָאֵל אוּנְד יְהוּדָה פוּן זֵיין
גָאט, פוּן דֶעם הַאר צְבָאוֹת, גְייֶערְט
זֵייעֶר לַאנְד (פוּן דִיא כַּשְׂדִים) אִיז פוּל
מִיט שׁוּלְד, פוּן וֶועגֶען דֶעם הֵיילִיגֶען
פוּן יִשְׂרָאֵל׃
6 עֶנְטְלוֹיפְט פוּן בָּבֶל, אוּנְד עֶנְטְרִינְט
יֶעדֶערֶער זֵיינֶע זֶעלֶע, כְּדֵי אִיהְר
זָאלְט נִיט אוּמְקוּמֶען וֶועגֶען אִיהְרֶע
זִינְד, וָוארִין אֵיינֶע צֵייט פוּן נְקָמָה אִיז
עֶס פַאר דֶעם הַאר, עֶר בֶּעצָאהְלְט
אִיהר אֵיינֶע בֶּעצָאהְלוּנְג (פֶערְגֶעלְטוּנְג)׃
7 אֵיין גָאלְדֶענֶער בֶּעכֶער אִיז בָּבֶל
גֶעוֶועזֶען אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר,
זִיא הָאט בֶּעטְרוּנְקֶען (שִׁכּוֹר גֶעמַאכְט)
דִיא גַאנְצֶע עֶרְד; פוּן אִיהְר וויין
הָאבֶּען פֶעלְקֶער גֶעטְרוּנְקֶען, דַארוּם
זֶענֶען פֶעלְקֶער נַארִישׁ גֶעוָוארֶען׃

8 פְּלוּצְלִינְג אִיז בָּבֶל גֶעפַאלֶען אוּנְד אִיז צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען! קְלָאגְט אוֹיף אִיהְר, נֶעמְט בַּאלְזַאם צוּ אִיהְר וֶוייטָאג, טָאמֶער וֶועט זִיא גֶעהַיילְט וֶוערֶען:

9 מִיר הָאבֶּען גֶעוָואלְט הַיילֶען בָּבֶל, אוּנְד זִיא הָאט נִיט גֶעוָואלְט גֶעהַיילְט וֶוערֶען, פֶערְלָאזְט זִיא, אוּנְד לָאזֶען מִיר גֵיין יֶעדֶערֶער מַאן צוּ זַיין לַאנְד, וָוארִין עֶס הָאט אָנְגֶערִיהְרְט אִיהְר מִשְׁפָּט בִּיז צוּ דֶעם הִימֶעל, אוּנְד עֶס הָאט זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען בִּיז צוּ דִיא וָואלְקֶענְס:

10 דֶער הַאר הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט אוּנְזֶערֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט; קוּמְט אוּנְד לָאזֶען מִיר דֶערְצֵיילֶען אִין צִיוֹן דִיא וֶוערְק פוּן דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט:

11 שַׁארְפְט דִיא פֵּיילֶען, פִילְט אָן דִיא שִׁילְדֶען, דֶער הַאר הָאט דֶערְוֶועקְט דֶעם גַייסְט פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן מָדַי, וָוארִין אוֹיף בָּבֶל זֶענֶען זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען, צוּ פֶערְדַארְבֶּען אִיהְר, וָוארִין דִיא נְקָמָה פוּן דֶעם הַאר אִיז דִיא נְקָמָה פוּן זַיין טֶעמְפֶּעל (הֵיכָל):

12 קֶעגֶען דִיא מוֹיעֶרְן פוּן בָּבֶל הֵייבְּט אוֹיף אַ פָאהְן, מַאכְט שְׁטַארְק דִיא וַואךְ, שְׁטֶעלְט אוֹיף הִיטֶערְס, בְּרֵייט אָן דִיא לָאקֶערֶערְס, וָוארִין דָאס וָואס דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעטְרַאכְט, אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעטְהוּן, דָאס וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ דִיא אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן בָּבֶל:

13 דוּא וָואס וְואוֹינְסְט אוֹיף פִילֶע וַואסֶערְן, וָואס דַיינֶע אוֹצְרוֹת זֶענֶען פִיל, דַיין עֶנְד (סוֹף) אִיז גֶעקוּמֶען דִיא אֵייל פוּן דַיין אָפְּשְׁנֵיידוּנְג:

14 דֶער הַאר צְבָאוֹת הָאט גֶעשְׁוְואוֹירֶען בַּייא זַיינֶע זֶעעלֶע, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ דִיךְ פִיל גֶעמַאכְט מִיט מֶענְשֶׁען אַזוֹי וִויא מִיט הֵייְשֶׁערִיקֶען, אַזוֹי וֶועלֶען זַייא אוֹיף דִיר עֶנְטְפֶערְן מִיט אַ קוֹל פוּן פְרֵייד:

15 עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא עֶרְד מִיט זַיין כּוֹחַ, עֶר הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט דִיא וֶועלְט דוּרךְ זַיין חָכְמָה, אוּנְד מִיט זַיין פֶערְשְׁטַאנְד הָאט עֶר גֶענֵייגְט דִיא הִימֶעלְן:

16 צוּ דֶעם קוֹל פוּן זַיין גֶעבֶּען, אִיז אֵיין בְּרוּמוּנְג פוּן וַואסֶער אִין הִימֶעל, אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט דִיא וָואלְקֶענְס פוּן דִיא עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד, בְּלִיצֶען צוּ דֶעם רֶעגֶען הָאט עֶר גֶעמַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען דֶעם וִוינְד פוּן זַיינֶע אוֹצְרוֹת:

17 אַלֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען אוֹיסְגֶעלֶעהְרְט פוּן וִויסֶענְשַׁאפְט, אִיטְלִיכֶער גָאלְד־שְׁמִיד אִיז פֶערְשֶׁעמְט גֶעוָוארֶען פוּן זַיין גֶעצֶענְבִּילְד, וָוארִין זַיין גֶעגָאסֶען בִּילְד אִיז פַאלְשׁ, אוּנְד עֶס אִיז אִין זַייא קֵיין גַייסְט נִיט דָא:

18 זַייא זֶענֶען נַארִישׁ, אֵיין וֶוערְק פוּן פֶערְאִירוּנְג, אִין דִיא צַייט פוּן זַייעֶר בֶּעפֶּעהְלוּנְג (שְׁטְרָאף) וֶועלֶען זַייא פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען:

19 נִיט אַזוֹי וִויא דִיא דָאזִיגֶע, אִיז דָאס חֵלֶק פוּן יַעֲקוֹב, וָוארִין עֶר אִיז דֶער בֶּעשֶׁעפֶּער פוּן אַלֶעם, אוּנְד דֶער שֵׁבֶט פוּן זַיין נַחֲלָה, יְהוָֹה צְבָאוֹת אִיז זַיין נָאמֶען:

20 דוּא בִּיסְט צוּ מִיר אַ הַאמֶער, אַ מִלְחָמָה־כֵּלִי, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִין דִיר צוּבְּרֶעכֶען פֶעלְקֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִין דִיר פֶערְדַארְבֶּען קֶענִיגְ־רַייכֶען:

21 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּבְּרֶעכֶען אִין

דיר

דִיר דִיא פֶערְד אוּנְד זֵיינֶע רֵייטֶער,
אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּבְּרֶעכֶען אִין דִיר
דֶעם וָואגֶען אוּנְד זֵיינֶע רֵייטֶער:
22 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּבְּרֶעכֶען אִין דִיר
אַ מַאן אוּנְד אַ ווייבּ, אוּנְד אִיךְ וֶועל
צוּבְּרֶעכֶען אִין דִיר אֵיין אַלְטֶען אוּנְד אַ
יוּנְגֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּבְּרֶעכֶען אִין
דִיר אַ בָּחוּר אוּנְד אַ בְּתוּלָה:
23 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּבְּרֶעכֶען אִין דִיר
דֶעם פַּאסְטוּךְ (הִירְט) אוּנְד זֵיינֶע
סְטַאדֶע (הֶערְדֶע), אוּנְד אִיךְ וֶועל
צוּבְּרֶעכֶען אִין דִיר דֶעם אַקֶערְמַאן
אוּנְד זַיין גֶעשְׁפַּאן, אוּנְד אִיךְ וֶועל
צוּבְּרֶעכֶען אִין דִיר גְרַאפֶען אוּנְד
פִירְשְׁטֶען:
24 אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעצָאהְלֶען צוּ בָּבֶל
אוּנְד צוּ אַלֶע אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן דִיא
כַּשְׂדִּים זֵייעֶר גַאנְצֶעס שְׁלֶעכְטֶעס וָואס
זֵייא הָאבֶען גֶעטְהוּן אִין צִיּוֹן פַאר
אֵיירֶע אוֹיגֶען, זָאגְט דֶער הַאר:
25 זֶעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיר, דוּא
פֶערְדַארְבֶּענֶער בַּארְג! זָאגְט דֶער
הַאר, דוּא וָואס פֶערְדַארְבְּסְט דָאס
גַאנְצֶע לַאנְד! אוּנְד אִיךְ וֶועל נֵייגֶען
מֵיינֶע הַאנְד אוֹיף דִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל
דִיךְ אַרָאפְּוַוארְפֶען פוּן דִיא פֶעלְזֶענְ־
שְׁטֵיינֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ גֶעבֶּען
(מַאכֶען) צוּ אַ פֶערְבְּרֶענְטֶען בַּארְג:
26 אוּנְד מֶען וֶועט פוּן דִיר נִיט
גֶעמֶען קֵיין שְׁטֵיין צוּ אַ ווינְקֶעל, אוּנְד
אַ שְׁטֵיין צוּ גְרוּנְדְפֶעסְטֶען, וָוארִין אַ
פֶערְווִיסְטוּנְג פוּן אֵייבִּיג וֶועסְט דוּא
זַיין, זָאגְט דֶער הַאר:
27 הֵייבְּט אוֹיף אַ פָאהְן אִין דֶעם
לַאנְד, בְּלָאזְט שׁוֹפָר צְווִישֶׁען דִיא
פֶעלְקֶער, הֵיילִיגְט (בְּרֵייט צוּ) קֶעגֶען
אִיהְר פֶעלְקֶער מַאכְט הֶערֶען (רוּפְט
צוּזַאמֶען) קֶעגֶען אִיהְר דִיא קֶענִיגְרֵייכֶען
פוּן אֲרָרָט, מִנִּי אוּנְד אַשְׁכְּנָז, בֶּעפֶעהְלְט
אִיבֶּער אִיהְר אֵיין עֶלְצְטֶען (בֶּעפֶעהְלְסְ־
הָאבֶּער), בְּרֶענְגְט אַרוֹיף פֶערְד וִויא דִיא
שְׁטֶעכֶעדִיגֶע הֵיישֶׁערִיקֶען:
28 מַאכְט הֵיילִיג קֶעגֶען אִיהְר פֶעלְקֶער,
דִיא קֶענִיגֶע פוּן מָדַי, אִיהְרֶע גְרַאפֶען
אוּנְד אַלֶע אִיהְרֶע פִירְשְׁטֶען (שְׁטָאט־
הַאלְטֶער), אוּנְד דָאס גַאנְצֶע לַאנְד פוּן
זֵיינֶע רֶעגִירוּנְג:
26 אוּנְד דָאס לַאנְד הָאט גֶעצִיטֶערְט
אוּנְד גֶעשְׁטָארֶעמְט, וָוארִין עֶס אִיז
מְקוּיָּם גֶעוָוארֶען אוֹיף בָּבֶל דִיא גֶעדַ־
אנְקֶען פוּן דֶעם הַאר, כְּדֵי צוּ מַאכֶען
דָאס לַאנְד פוּן בָּבֶל צוּ אַ פֶערְווִיסְטוּנְג,
אָהְן אֵיינְוְואוֹינֶער:
30 דִיא שְׁטַארְקֶע פוּן בָּבֶל הָאבֶען
אוֹיפְגֶעהֶערְט מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, זֵייא
זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִין דִיא פֶעסְטוּנְגֶען,
זֵייעֶר שְׁטַארְקֵייט אִיז אָפְּגֶעטְהוּן גֶעוָ־
וָארֶען, זֵייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא
ווייבֶּער, זֵייא הָאבֶען אוּנְטֶערְגֶעצוּנְדֶען
אִיהְרֶע גֶעצֶעלְטֶען, זֵייא הָאבֶען צוּ־
בְּרָאכֶען אִיהְרֶע רִיגְלֶען:
31 אֵיין לוֹיפֶער קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן
לוֹיפֶער טְהוּט לוֹיפֶען, אוּנְד אֵיין זָאגֶער
קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן זָאגֶער, אָנְצוּזָאגֶען
צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, דָאס זֵיינֶע
שְׁטָאט אִיז בֶּעצְווְאוּנְגֶען גֶעוָוארֶען פוּן
דֶעם עֶק:
32 אוּנְד דִיא אִיבֶּערְפָארוּנְגֶען זֶענֶען
בֶּעצְווְאוּנְגֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא טֵייכֶען
הָאבֶּען זֵייא פֶערְבְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר,
אוּנְד דִיא מִלְחָמָה־לֵייט זֶענֶען דֶערְ־
שְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען:
33 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת,
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, דִיא טָאכְטֶער



פוּן

פון בָּבֶל אִיז גְלֵייךְ אַזוי וויא אַ שֵׁייעֶר
אִין דֶער צייט פון דֶעם טְרִיט; נָאךְ אִין אַ
קְלֵיינֶע צייט, אוּנְד עֶס וֶועט קוּמֶען
צוּ אִיהְר דִיא צייט פון שְׁנִיט:
34 עֶר הָאט מִיךְ גֶעגֶעסֶען עֶר הָאט
מִיךְ צוּשְׁטויסֶען, נְבוּכַדְרֶאצַר דֶער
קֶענִיג פון בָּבֶל, עֶר הָאט מִיךְ אַוֶועקְ־
גֶעשְׁטֶעלְט אַזוי וויא אַ לֵיידִיגֶע כְּלִי,
עֶר הָאט מִיךְ אַיינְגֶעשְׁלִינְגֶען אַזוי וויא
אַ שְׁלַאנְג (דְרַאכֶע), עֶר הָאט פוּל
גֶעמַאכְט זֵיין בּויךְ פון מֵיינֶע זִיסֶע
שְׁפֵּייזֶען, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ פֶערְ־
שְׁטויסֶען:
35 מֵיין אוּנְרֶעכְט אוּנְד (דָאס פון)
מֵיין פְלֵייש אִיז אויף בָּבֶל, זָאלְסְט דוּא
זָאגֶען דוּא אֵיינְוואוינֶער פון צִיּוֹן, אוּנְד
מֵיין בְּלוּט אִיבֶּער דִיא אֵיינְוואוינֶער
פוּן דִיא כַּשְׂדִים, זָאלְסְט דוּא זָאגֶען
יְרוּשָׁלַיִם:
36 דַארוּם אַזוי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה
אִיךְ וֶועל קְרִיגֶען (שְׁטְרֵייטֶען) דֵיינֶע
קְרִיג, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ נוֹקֵם זֵיין
אִין דֵיינֶע נְקָמָה, אוּנְד אִיךְ וֶועל אויסְ־
טְרִיקֶענֶען אִיהְר יַם, אוּנְד אִיךְ וֶועל
פֶערְטְרִיקֶענֶען אִיהְר קְוַואל:
37 אוּנְד בָּבֶל וֶועט זֵיין צוּ אַ הויפֶען
(בֶּערְגֶער), אַ וְואוּנוּנְג פון שְׁלַאנְגֶען,
וִויסְט אוּנְד שְׁמוּצֶערוּנְג (גֶעשְׁפֶּאט), אָהְן
אֵיינְוואוינֶער:
38 זֵייא וֶועלֶען צוּזַאמֶען בְּרוּמֶען אַזוי
וויא דִיא לֶעמְפֶּערְטֶען, זֵייא וֶועלֶען
שְׁרֵייעֶן אַזוי וויא דִיא יוּנְגֶע לֵייבֶען:
39 אִין זֵייעֶר דֶערְהִיצוּנְג וֶועל אִיךְ
מַאכֶען זֵייעֶרֶע סְעוּדוֹת (מָאהְלְצֵייטֶען),
אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא בֶּעטְרוּנְקֶען (שִׁכּוֹר
מַאכֶען), כְּדֵי זֵייא זָאלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן
אוּנְד זֵייא זָאלֶען אֵיינְשְׁלָאפֶען אֵיין
אֵייבִּיגֶען שְׁלָאף אוּנְד זֵייא וֶועלֶען נִיט
אויפְוואַכֶען, זָאגְט דֶער הַאר:
40 אִיךְ וֶועל זֵייא אַרָאפְּפִירֶען אַזוי
וויא דִיא שָׁאף צוּ דֶעם שְׁלַאכְטֶען, אַזוי
וויא ווידֶער מִיט בֶּעק:
41 וויא אַזוי אִיז שֵׁשַׁךְ בֶּעצְוואוּנְגֶען
גֶעוָוארֶען? אוּנְד דוּא בִּיסְט אֵיינְגֶענוּ־
מֶען גֶעוָוארֶען דִיא לויבּ פון דִיא גַאנְצֶע
עֶרְד! וויא אַזוי אִיז בָּבֶל גֶעוָוארֶען צוּ
אַ פֶערְווִיסְטוּנְג (שׁוידֶער) צְווִישֶׁען דִיא
פֶעלְקֶער!
42 עֶס אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אויף בָּבֶל
דֶער יַם; דוּרְךְ דֶער בְּרוּמוּנְג פון זֵיינֶע
אִינְדֶען אִיז זִיא צוּגֶעדֶעקְט גֶעוָוארֶען:
43 אִיהְרֶע שְׁטֶעט זֶענֶען גֶעוָוארֶען צוּ
אַ פֶערְווִיסְטוּנְג, אַ טְרִיקֶען לַאנְד אוּנְד
ווִיסְט, אַ לַאנְד אַוְואוּ עֶס וְואוינְט נִיט
אִין אִיהְר קֵיין מֶענְשׁ, אוּנְד קֵיין
מֶענְשֶׁען־זוּהְן וֶועט אִין אִיהְר נִיט
אִיבֶּערְפָאהְרֶען:
44 אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעפֶעהְלֶען אויף
בֵּל אִין בָּבֶל, אוּנְד אִיךְ וֶועל אַרוֹיסְ־
צִיהֶען זֵיין שְׁפֵּייעֶכְץ פון זֵיין מויל,
אוּנְד דִיא פֶעלְקֶער וֶועלֶען צוּ אִיהְם
נִיט מֶעהְר צִיהֶען, אוֹיךְ דִיא מויעֶרְן
פון בָּבֶל זֶענֶען אֵיינְגֶעפַאלֶען:
45 גֵייט אַרוֹיס פון צְווִישֶׁען אִיהְר,
מֵיין פָאלְק, אוּנְד עֶנְטְרִינְט יֶעדֶערֶער
מֶענְשׁ זֵיינֶע זֶעלֶע פַאר דֶעם גְרִימְ־
צָארְן פון דֶעם הַאר:
46 וָוארִין טָאמֶער וֶועט אֵייעֶר הַארְץ
ווייךְ וֶוערֶען אוּנְד אִיהְר וֶועט מוֹרָא
הָאבֶּען פַאר דֶער הֶערוּנְג (נַאכְרִיכְט)
וָואס עֶס וֶוערְט גֶעהֶערְט אִין דֶעם
לַאנְד, אוּנְד עֶס וֶועט קוּמֶען אִין דֶעם
יָאהְר פון דֶער הֶערוּנְג, אוּנְד נָאךְ
דֶעם יָאהְר פון דֶער הֶערוּנְג, אוּנְד

רויבּ אִיז אִין דֶעם לַאנְד, אוּנְד אֵיין גְעוועֶלְטִיגֶער אִיבֶּער דֶעם אַנְדֶערְן גְעוועֶלְטִיגֶער:

47 דַארוּם זֶעה, דִיא טֶעג קוּמֶען, דָאס אִיךְ וועֶל בֶּעפֶעהְלֶען אוֹיף דִיא גֶעצֶענְבִּילְדֶער פוּן בָּבֶל, אוּנְד אִיהְר גַאנְצֶעס לַאנְד וועֶט פֶערְשֶׁעהְמְט וועֶרֶען, אוּנְד אַלֶע אִיהְרֶע דֶערְשְׁלָאגֶענֶע וועֶלֶען אִין אִיהְר פַאלֶען:

48 אוּנְד עֶס וועֶלֶען זִינְגֶען אִיבֶּער בָּבֶל דֶער הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד, אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז אִין זַייא, וָוארִין פוּן צָפוֹן־זַייט וועֶלֶען צוּ אִיהְר קוּמֶען דִיא רוֹיבֶּערְס, זָאגְט דֶער הַאר:

49 אוֹיךְ בָּבֶל אִיז צוּגֶעפַאלֶען מִיט דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוֹיךְ צוּ בָּבֶל זֶענֶען גֶעפַאלֶען דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע פוּן דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד:

50 אִיהְר אֶנְטְרִינֶענֶע פוּן דֶעם שְׁוועֶרְד, גֵייט אַוועֶק, אִיהְר זָאלְט נִיט שְׁטֵיין! גֶעדֶענְקְט פוּן דֶער ווייטֶען דֶעם הַאר, אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם וועֶט אַרוֹיפְגֵיין אוֹיף אֵיירֶע הֶערְצֶער:

51 מִיר זֶענֶען פֶערְשֶׁעהְמְט גֶעווָארֶען, וָוארִין מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט שַׁאנְד, שַׁמַאךְ הָאט צוּגֶעדֶעקְט אוּנְזֶער אָנְגֶעזִיכְט, וָוארִין פְרֶעמְדֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף דִיא הֵיילִיגְקֵייטֶען אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר:

52 דַארוּם זֶעה, דִיא טֶעג קוּמֶען, זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד אִיךְ וועֶל בֶּעפֶעהְלֶען אִיבֶּער אִיהְרֶע גֶעצֶענְבִּילְדֶער, אוּנְד אִין אִיהְר גַאנְצֶען לַאנְד וועֶלֶען זִיפְצֶען דִיא פֶערְווָאוּנְדֶעטֶע:

53 אוֹיבּ דוּא בָּבֶל וועֶסְט אַרוֹיפְגֵיין אוֹיף דֶעם הִימֶעל, אוּנְד אוֹיבּ דוּא וועֶסְט בֶּעפֶעסְטִיגֶען אִין דֶער הֵייךְ דֵיינֶע שְׁטַארְקֵייט, אַזוֹי וועֶלֶען אוֹיךְ פוּן מִיר קוּמֶען רוֹיבֶּערְס צוּ אִיהְר, זָאגְט דֶער הַאר:

54 אַ קוֹל פוּן גֶעשְׁרֵייא (הֶערְט זִיךְ) פוּן בָּבֶל, אוּנְד אַ גְרוֹיסֶער בְּרָאךְ פוּן דֶעם לַאנְד פוּן דִיא כַּשְׂדִים:

55 וָוארִין דֶער הַאר צוּשְׁטֶערְט בָּבֶל, אוּנְד עֶר פֶערְטִילְגְט פוּן אִיהְר אַ גְרוֹיס קוֹל, אוּנְד זֵיירֶע אִינְדֶען וועֶלֶען בְּרוּמֶען אַזוֹי וִויא פִיל וַואסֶערְן וָואס זַייא גֶעבֶּען דָאס בְּרוּמוּנְג פוּן זֵייעֶר קוֹל:

56 וָוארִין עֶס קוּמְט אִיבֶּער אִיהְר, אִיבֶּער בָּבֶל אֵיין צוּשְׁטֶערֶער, אוּנְד אִיהְרֶע שְׁטַארְקֶע וועֶלֶען גֶעפַאנְגֶען וועֶרֶען, זֵיירֶע בּוֹיגֶענְס וועֶלֶען צוּבְּרָאכֶען וועֶרֶען; וָוארִין אֵיין גָאט פוּן פֶערְגֶעלְטוּנְג אִיז דֶער הַאר, עֶר וועֶט גֶעווִיס בֶּעצָאהְלֶען:

57 אוּנְד אִיךְ וועֶל בֶּעטְרוּנְקֶען מַאכֶען (שִׁכּוֹר מַאכֶען) אִיהְרֶע פִירְשְׁטֶען אוּנְד אִיהְרֶע קְלוּגֶע, אִיהְרֶע גְרַאפֶען אוּנְד אִיהְרֶע שְׁטָאט־הַאלְטֶער, אוּנְד אִיהְרֶע שְׁטַארְקֶע, אוּנְד זַייא וועֶלֶען אֵיינְשְׁלָאפֶען דֶעם אֵייבִּיגֶען שְׁלָאף, אוּנְד זַייא וועֶלֶען זִיךְ נִיט אוֹיפְוַואכֶען, זָאגְט דֶער קֶענִיג, דֶער הַאר צְבָאוֹת אִיז זֵיין נָאמֶען:

58 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דִיא מוֹיעֶרְן פוּן בָּבֶל, דִיא בְּרֵייטֶע, וועֶלֶען גֶעווִיס אוֹיפְגֶעדֶעקְט וועֶרֶען, אוּנְד אִיהְרֶע הוֹיכֶע טוֹיעֶרְן וועֶלֶען מִיט פֵייעֶר אָנְגֶעצוּנְדֶען וועֶרֶען, אַזוֹי דָאס פֶעלְקֶער הָאבֶּען זִיךְ פַאר אֵייטֶעלֶע לֶערֶע זַאךְ גֶעמַאטֶערְט, אוּנְד נַאצְיָאנֶען הָאבֶּען זִיךְ פַאר דֶעם פֵייעֶר אָפְּגֶעמַאטֶערְט:

59 דָאס אִיז דָאס וָוארְט וָואס יִרְמְיָהוּ

דער נָבִיא, הָאט גֶעבָּאטֶען שְׂרָיָה דֶעם
זוהְן פוּן נֵרִיָה, דֶער זוּהְן פוּן מַחְסֵיָה,
וָוען עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט צִדְקִיָהוּ,
דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, נָאךְ בָּבֶל, אִין
דֶעם פִירְטֶען יָאהְר פוּן זַיינֶע רֶעגִירוּנְג;
וָוען שְׂרָיָה אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער הויפְּטמַאן
אִיבֶּער דִיא רוּהִיגֶע עֶרְטֶער:
60 אוּנְד יִרְמְיָהוּ הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען דָאס
גַאנְצֶע שְׁלֶעכְטֶעס וָואס עֶס וֶועט קוּמֶען
אִיבֶּער בָּבֶל אִין אַ בּוּךְ, אַלֶע דִיא
דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער וָואס זֶענֶען גֶעשְׁרִיבֶּען
קֶעגֶען בָּבֶל:
61 דַאמָאלְס הָאט יִרְמְיָהוּ גֶעזָאגְט צוּ
שְׂרָיָה, וָוען דוּא וֶועסְט קוּמֶען נָאךְ
בָּבֶל, אוּנְד דוּא וֶועסְט זֶעהֶען אוּנְד
דוּא וֶועסְט לֵיינֶען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע
וֶוערְטֶער:
62 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זָאגֶען, אָ הַאר!
דוּא הָאסְט גֶערֶעדט קֶעגֶען דֶעם דָאזִיגֶען
אָרְט אִיהְם צוּ פֶערשְׁנַיידֶען, אַזוֹי דָאס
עֶס זָאל קֵיין אֵיינְוואוֹינֶער אִין אִיהְם
נִיט זַיין פוּן מֶענְשֶׁען בִּיז בְּהֵמוֹת,
נֵייעֶרְט עֶס זָאל צוּ דֶער אֵייבִּיגֶען
פֶערְוִויסְטוּנְג זַיין:
63 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וָוען דוּא וֶועסְט
אוֹיפְהֶערֶען צוּ לֵיינֶען דָאס דָאזִיגֶע
בּוּךְ, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אַן אִיהְם אֵיין
שְׁטֵיין אָנְבִּינְדֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס
אַרֵיינְוַוארְפֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן
דֶעם (טֵייךְ) פְּרָת:
64 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי זָאל
בָּבֶל אֵיינְגֶעזוּנְקֶען וֶוערֶען, אוּנְד זָאל
מֶעהְר נִיט אוֹיפְשְׁטֵיין פַאר דֶעם
שְׁלֶעכְטֶעס, וָואס אִיךְ בְּרֶענְג אִיבֶּער
אִיהְר, אוּנְד זֵייא זָאלֶען מִיד וֶוערֶען;
בִּיז דַאהֶען זֶענֶען דִיא וֶוערְטֶער פוּן
יִרְמְיָהוּ:

## קאפיטעל נב

1 אֵיין אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר אִיז
צִדְקִיָהוּ אַלְט גֶעוֶועזֶען, וָוען עֶר אִיז
קֶענִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט רֶע־
גִיעֶרְט עֶלְף יָאהְר אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
דֶער נָאמֶען פוּן זַיינֶע מוּטֶער אִיז גֶע־
וֶועזֶען חֲמוּטַל, דִיא טָאכְטֶער פוּן
יִרְמְיָהוּ פוּן לִבְנָה:
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס
אִיז שְׁלֶעכְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן
דֶעם הַאר, אַלֶעס אַזוֹי וִויא יְהוֹיָקִים
הָאט גֶעטְהוּן:
3 דַארוּם דוּרְךְ דֶעם צָארְן פוּן דֶעם
הַאר אִיז עֶס (אַזוֹי) גֶעשֶׁעהֶען אִין
יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד אִין יְהוּדָה בִּיז עֶר הָאט
זֵייא פֶערְוָוארְפֶען פוּן זַיין אָנְגֶעזִיכְט;
אוּנְד צִדְקִיָהוּ הָאט ווִידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט
(מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען) קֶעגֶען דֶעם קֶענִיג
פוּן בָּבֶל:
4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
נֵיינְטֶען יָאהְר פוּן זַיינֶע רֶעגִירוּנְג, אִין
דֶעם צֶעהְנְטֶען חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם צֶעהְנ־
טֶען (טָאג) אִין דֶעם חוֹדֶשׁ, אִיז
נְבוּכַדְרֶאצַר, דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל גֶע־
קוּמֶען, עֶר אוּנְד זַיין גַאנְצֶעס חַיִל קֶעגֶען
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ קֶעגֶען
אִיהְר גֶעלַאגֶערְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען קֶעגֶען
אִיהְר גֶעבּוֹיט אֵיין וַואל (שַׁאנְץ) אַרוּם:
5 אוּנְד דִיא שְׁטָאט אִיז גֶעקוּמֶען אִין
אַ בֶּעדְרֶענְגְעֶנִיס בִּיז צוּ דֶעם עֶלְפְטֶען
יָאהְר פוּן דֶעם קֶענִיג צִדְקִיָהוּ:
6 אִין דֶעם פִירְטֶען חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם
נֵיינְטֶען (טָאג) אִין דֶעם חוֹדֶשׁ, אִיז
דֶער הוּנְגֶער שְׁטַארְק גֶעוָוארֶען אִין
דֶער שְׁטָאט, אַזוֹי דָאס עֶס אִיז נִיט
גֶעוֶועזֶען קֵיין בְּרוֹיט פַאר דֶעם פָאלְק
פוּן דֶעם לַאנְד:

7 אוּנְד דִיא שְׁטָאט אִיז אֵיינְגֶעבְּרָאכֶען
גֶעוָוארֶען, אוּנְד אַלֶע מִלְחָמָה־לֵייט
זֶענֶען עֶנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער שְׁטָאט
בֵּייא נַאכְט, אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶעם
טוֹיעֶר צְווִישֶׁען דִיא מוֹיעֶרְן, וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען בֵּייא דֶעם גָארְטֶען פוּן דֶעם
קֶענִיג, אָבֶּער דִיא כַּשְׂדִים זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען אַרוּם דֶער שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם וֶועג
נָאךְ דֶעם פְּלוֹין:
8 אוּנְד דָאס חַיִל פוּן דִיא כַּשְׂדִים
הָאבֶּען נָאכְגֶעיָאגְט נָאךְ דֶעם קֶענִיג,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶערגְרֵייכְט דֶעם
צִדְקִיָהוּ אִין דֶעם פְּלוֹין פוּן יְרֵחוֹ, אוּנְד
זַיין גַאנְצֶעס חַיִל הָאבֶּען זֵייא פוּן אִיהְם
צוּשְׁפְּרֵייט:
9 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא דֶעם קֶענִיג גֶע־
חַאפְּט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיפְּ־
גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל,
נָאךְ רִבְלָה, אִין דֶעם לַאנְד חֲמָת,
אוּנְד עֶר הָאט מִיט אִיהְם גֶערֶעט
אִיבֶּער מִשְׁפָּט:
10 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט
גֶעשָׁאכְטֶען דִיא זִיהְן פוּן צִדְקִיָהוּ פַאר
זֵיינֶע אוֹיגֶען, אוֹיךְ אַלֶע פִירְשְׁטֶען פוּן
יְהוּדָה הָאט עֶר גֶעשָׁאכְטֶען אִין רִבְלָה:
11 אוּנְד דִיא אוֹיגֶען פוּן צִדְקִיָהוּ הָאט
עֶר בְּלִינְד גֶעמַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט
אִיהְם גֶעבּוּנְדֶען אִין קֵייטֶען, אוּנְד אַזוֹי
הָאט דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל אִיהְם גֶע־
בְּרַאכְט נָאךְ בָּבֶל, אוּנְד עֶר הָאט
אִיהְם גֶעגֶעבֶּען (אַרֵיינְגֶעזֶעצְט) אִין
דֶעם הוֹיז פוּן דֶער בֶּעוַואכוּנְג, בִּיז צוּ
דֶעם טָאג פוּן זֵיין טוֹיט:
12 אוּנְד אִין דֶעם פִינְפְטֶען חוֹדֶשׁ,
אִין דֶעם צֶעהְנְטֶען (טָאג) אִין דֶעם
חוֹדֶשׁ, דָאס אִיז דָאס נֵיינְצֶעהְנְטֶע
יָאהְר פוּן דֶעם קֶענִיג נְבוּכַדְרֶאצַר,
דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אִיז נְבוּזַרְאַדָן
דֶער הוֹיפְּטמַאן פוּן דִיא שְׁלַאכְטֶער
גֶעקוּמֶען, וֶועלְכֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר
דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם:
13 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְבְּרֶענְט דָאס
הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד דָאס הוֹיז
פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד אַלֶע הֵייזֶער פוּן
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד יֶעדֶעס גְרוֹיסֶע הוֹיז
הָאט עֶר פֶערְבְּרֶענְט אִין פֵייעֶר:
14 אוּנְד דִיא אַלֶע מוֹיעֶרְן פוּן
יְרוּשָׁלַיִם רִינְגְס אַרוּם, הָאבֶּען צוּ־
שְׁטוֹיסֶען דָאס גַאנְצֶע חַיִל פוּן דִיא
כַּשְׂדִים, וָואס זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט
דֶעם הוֹיפְּטמַאן פוּן דִיא שְׁלַאכְטֶער:
15 אוּנְד פוּן דִיא אָרֶעמֶע פוּן דֶעם
פָאלְק, אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע פוּן דֶעם
פָאלְק וָואס זֵייא זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען
אִין דִיא שְׁטָאט, אוּנְד דִיא גֶעפַאלֶענֶע
וָואס זֵייא זֶענֶען צוּגֶעפַאלֶען צוּ דֶעם
קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע
פוּן דִיא מֵייסְטֶערְס, הָאט נְבוּזַרְאַדָן
דֶער הוֹיפְּטמַאן פוּן דִיא שְׁלַאכְטֶער
פֶערְטְרִיבֶּען:
16 אוּנְד פוּן דִיא אָרֶעמֶע פוּן דֶעם
לַאנְד, הָאט נְבוּזַרְאַדָן דֶער הוֹיפְּטמַאן
פוּן דִיא שְׁלַאכְטֶער אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, צוּ
וֵויינְגֶערְטְנֶער אוּנְד צוּ אַקֶערְלֵייט:
17 אוּנְד דִיא קוּפֶּערְנֶע זֵיילֶען וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם
הַאר, אוּנְד דִיא קֶעסְלֶען אוּנְד דָאס
קוּפֶּערְנֶע יָם וָואס זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועך
זֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר,
הָאבֶּען דִיא כַּשְׂדִים צוּבְּרָאכֶען, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אַוֶועקְגֶעטְרָאגֶען דָאס
גַאנְצֶע קוּפֶּער נָאךְ בָּבֶל:

אוּנְד

18 אוּנְד דִיא טֶעפּ, אוּנְד דִיא שׁוּיפֶלְעֶן,
אוּנְד דִיא מֶעסֶער, אוּנְד דִיא שְׁפְּרִינְג־
בֶּעקֶען, אוּנְד דִיא פַּאנֶען אוּנְד אַלֶע
דִיא קוּפֶּערְנֶע כֵּלִים וָואס מֶען הָאט
מִיט זֵייא בֶּעדִינְט, הָאבֶּען זֵייא צוּ־
גֶענוּמֶען :
19 אוּנְד דִיא בֶּעקֶען אוּנְד דִיא
פֵייעֶר־פַּאנֶען, אוּנְד דִיא שְׁפְּרִינְג־בֶּעקֶען
אוּנְד דִיא טֶעפּ, אוּנְד דִיא לֵייכְטֶער,
אוּנְד דִיא לֶעפֶעל אוּנְד דָאס רֵיין־
גֶעפֶּעס דָאס וָואס עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
אִין גַאנְצֶען פוּן גָאלְד אוּנְד דָאס וָואס
עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין גַאנְצֶען פוּן
זִילְבֶּער, הָאט דֶער הוֹיפְּטמַאן פוּן דִיא
שְׁלַאכְטֶער צוּגֶענוּמֶען :
20 דִיא צְוֵוייא זֵיילֶען, דָאס אֵיינֶע
מֶעעֶר אוּנְד דִיא צְוֶועלְף קוּפֶּערְנֶע
רִינְדֶער וָואס זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אוּנְטֶער דִיא גֶעשְׁטֶעלֶען וָואס דֶער
קֶענִיג שְׁלֹמֹה הָאט גֶעמַאכְט צוּ דֶעם
הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, עֶס אִיז נִיט
גֶעוֶועזֶען קֵיין וָואג צוּ דֶעם קוּפֶּער פוּן
אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע כֵּלִים :
21 אוּנְד דִיא זֵיילֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אַכְטְצֶעהְן אֵיילֶען הוֹיךְ, פוּן יֶעדֶער אֵיינֶעם
זֵייל, אוּנְד אֵיין פָאדֶעם פוּן צְוֶועלְף
אֵיילֶען אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס מָאס אַרוּם
אִיהְר ; אוּנְד זֵיינֶע גְרֶעבּ (דִיק) אִיז
גֶעוֶועזֶען פִיעֶר פִינְגֶער, עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
הוֹיל :
22 אוּנְד אַ קְרוֹין פוּן קוּפֶּער אִיז
אוֹיף אִיהְם, אוּנְד דִיא הוֹיךְ פוּן דִיא
אֵיינֶע קְרוֹין אִיז גֶעוֶועזֶען פִינְף אֵיילֶען,
אוּנְד אַ גֶעץ־וֶוערְק אוּנְד מִילְגְרוֹימֶען
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דִיא קְרוֹין רִינְגְס
אַרוּם, אַלֶעס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן קוּפֶּער ;
אוּנְד אַזוֹי וִויא דִיא דָאזִיגֶע צוּ דִיא
אַנְדֶערֶע זֵייל, אוּנְד מִילְגְרוֹימֶען :
23 אוּנְד דִיא מִילְגְרוֹימֶען זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען זֶעקְס אוּנְד נֵיינְצִיג אִין אַ
זֵייט, אַלֶע מִילְגְרוֹימֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
הוּנְדֶערְט אוֹיף דֶעם גֶעץ־וֶוערְק רִינְגְס
אַרוּם :
24 אוּנְד דֶער הוֹיפְּטמַאן פוּן דִיא
שְׁלַאכְטֶער הָאט גֶענוּמֶען דֶעם שְׂרָיָה
דֶעם עֶרְשְׁטֶען כֹּהֵן, אוּנְד דֶעם צְפַנְיָה
דֶעם צְוֵוייטֶען כֹּהֵן, אוּנְד דִיא דְרֵייא
הִיטֶערְס פוּן דֶער שְׁוֶועל :
25 אוּנְד פוּן דֶער שְׁטָאט הָאט עֶר
גֶענוּמֶען אֵיין הוֹיפְּדִינְגֶער, וָואס עֶר אִיז
גֶעוֶועזֶען גֶעשְׁטֶעלְט אִיבֶּער דִיא מִלְחָמָה־
לֵייט, אוּנְד זִיבֶּען מֶענֶער פוּן דִיא וָואס
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס אָנְגֶעזִיכְט פוּן
דֶעם קֶענִיג, וָואס זֵייא זֶענֶען גֶעפוּנֶען
גֶעוָוארֶען אִין דֶער שְׁטָאט, אוּנְד דֶעם
שְׁרֵייבֶּער פוּן דֶעם הוֹיפְּטמַאן פוּן דֶעם
חַיִל, וָואס עֶר פְלֶעגְט מוּסְטֶערְן דָאס
פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד זֶעכְצִיג
מֶענֶער פוּן דֶעם פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד,
וָואס זֶענֶען גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶער
מִיטֶען פוּן דֶער שְׁטָאט :
26 אוּנְד נְבוּזַרְאֲדָן דֶער הוֹיפְּטמַאן
פוּן דִיא שְׁלַאכְטֶער, הָאט זֵייא גֶענוּמֶען
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט צוּ
דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, נָאךְ רִבְלָה :
27 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט
זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
גֶעטֵייט אִין רִבְלָה, אִין דֶעם לַאנְד
חֲמָת ; אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר פֶערְטְרִיבֶּען
יְהוּדָה פוּן זֵיין לַאנְד :
28 דָאס אִיז דָאס פָאלְק, וָואס
נְבוּכַדְרֶאצַר הָאט פֶערְטְרִיבֶּען, אִין דֶעם
זִיבֶּענְטֶען יָאהְר, דְרֵייא טוֹיזֶענְד אוּנְד
דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיג יְהוּדִים :

29 אִין דֶעם אַכְטְצֶעהְנְטֶען יָאהְר פוּן
נְבוּכַדְרֶאצַר, (הָאט עֶר פֶערְטְרִיבֶּען)
פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אַכְט הוּנְדֶערְט אוּנְד
צְוֵוייא אוּנְד דְרֵייסִיג נְפוּשׁוֹת:
30 אִין דֶעם דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶען
יָאהְר פוּן נְבוּכַדְרֶאצַר, הָאט נְבוּזַרְאֲדָן,
דֶער הויפְּטְמַאן פוּן דִיא שְׁלַאכְטֶער
פֶערְטְרִיבֶּען פוּן דִיא יְהוּדִים, זִיבֶּען
הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף אוּנְד פִירְצִיג
נְפוּשׁוֹת, אַלֶע נְפוּשׁוֹת זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
פִיעָר טויזֶענְד אוּנְד זֶעקְס הוּנְדֶערְט:
31 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אִין דֶעם
זִיבֶּען אוּנְד דְרֵייסִיגְסְטֶען יָאהְר פוּן
דֶער פֶערְטְרֵייבּוּנְג פוּן יְהוֹיָכִין, דֶעם
קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אִין דֶעם צְוֶועלְפְטֶען
חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְ־
טֶען (טָאג) פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ, הָאט אֱוִיל
מְרוֹדַךְ, דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל דֶערְהויבֶּען
אִין דֶעם יָאהְר וֶוען עֶר אִיז קֶענִיג
גֶעוָוארֶען, דֶעם קָאפּ פוּן יְהוֹיָכִין דֶעם
קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם
אַרויסְגֶענוּמֶען פוּן דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס:
32 אוּנְד עֶר הָאט מִיט אִיהְם פְרֵיינְדְ־
לִיךְ גֶערֶעט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען
זַיין שְׁטוּהְל אִיבֶּער דֶעם שְׁטוּהְל פוּן
דִיא קֶענִיגֶע, וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט
אִיהְם אִין בָּבֶל:
33 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְעֶנְדֶערְט זַיינֶע
גֶעפֶענְגְנִיס־קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר הָאט
פַאר אִיהְם שְׁטֶענְדִיג בְּרויט גֶעגֶעסֶען,
אַלֶע טֶעג פוּן זַיין לֶעבֶּען:
34 אוּנְד זַיינֶע שְׁפַּייז, אִיז אִיהְם
שְׁטֶענְדִיג גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם
קֶענִיג פוּן בָּבֶל, יֶעדֶע זַאךְ וָואס עֶר
הָאט בֶּעדַארְפְט יֶעדֶען טָאג, בִּיז צוּ
דֶעם טָאג פוּן זַיין טוֹיט, אַלֶע טֶעג פוּן
זַיין לֶעבֶּען:

# חזק

אַלע פסוקים פֿון דעם ספר ירמיהו זענען איין טויזענד דרייא הונדערט
אונד פֿינף אונד זעבציג ; דיא העלפֿט דאפֿון איז קאפיטעל
כ״ח, י״א ; אונד האט אים גאנצען צווייא אונד
פֿינפֿציג קאפיטלעך

# יחזקאל

1 עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם דְרֵייְ־
סִינְסְטֶען יָאהְר, אִין דֶעם פִירְטֶען
חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם פִינְפְטֶען טָאג פוּן
חוֹדֶשׁ, וֶוען אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען
דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע (אִין גָלוּת) בֵּייא דֶעם
טַייךְ כְּבָר, זֶענֶען דִיא הִימֶעלְן אוֹיפְ־
גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען אוּנְד אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען אַ גֶעשְׁטַאלְט פוּן גָאט:
2 אִין דֶעם פִינְפְטֶען טָאג פוּן חוֹדֶשׁ,
דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס פִינְפְטֶע יָאהְר
פוּן גָלוּת פוּן דֶעם מֶלֶךְ יוֹיָכִין:
3 אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וָוארְט פוּן
יְהוָֹה צוּ יְחֶזְקֵאל בֶּן בּוּזִי הַכֹּהֵן אִין
דֶעם לַאנְד כַּשְׂדִים בֵּייא דֶעם טַייךְ
כְּבָר, אוּנְד דָארְטֶען אִיז אוֹיף אִיהְם
גֶעוֶועזֶען דִיא הַאנְד פוּן יְהוָֹה:
4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעקוּקְט, אוּנְד זֶעה,
אַ שְׁטוּרְמְווִינְד אִיז גֶעקוּמֶען פוּן צָפוֹן־
זַייט, אַ גְרוֹיסֶער וָואלְקֶען, אוּנְד אַ
פְלַאקֶערְדִיגֶעס פֵייעֶר, אוּנְד עֶס הָאט
גֶעשַׁיינְט רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד פוּן דֶער
מִיטֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא דָאס
אָנְזֶעהֶען פוּן בֶּערְנְשְׁטֵיין פוּן צְווִישֶׁען
דֶעם פֵייעֶר:
5 אוּנְד אוֹיךְ פוּן דֶער מִיטֶען אִיז
גֶעוֶועזֶען דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן פִיעֶר
לֶעבֶּעדִיגֶע חַיוֹת, אוּנְד דָאס אִיז גֶע־
וֶועזֶען זֵייעֶר אָנְזֶעהֶען, זֵייא הָאבֶּען
גֶעהַאט אַ מֶענְשֶׁען־גֶעשְׁטַאלְט:
6 אוּנְד אִיטְלִיכֶעס הָאט גֶעהַאט פִיעֶר
פֶּענִימֶער, אוּנְד אִיטְלִיכֶעס הָאט גֶעהַאט
פִיעֶר פְלִיגֶעלְן:
7 אוּנְד זֵייעֶרֶע פִיס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
גְלַייךְ, אוּנְד דִיא טְרִיט פוּן זֵייעֶרֶע פִיס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען קֵיילֶעכְדִיג אַזוֹי וִויא
פוּן אַ קַאלְבּ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעפִינְקֶעלְט אַזוֹי וִויא גֶעפּוּצְטֶעס
קוּפֶּער:
8 אוּנְד הִינְטֶער זֵייעֶרֶע פְלִיגֶעלְן זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא מֶענְשֶׁען־הֶענְד
אוֹיף זֵייעֶרֶע פִיעֶר זֵייטֶען, אוּנְד אַלֶע
פִיעֶר הָאבֶּען גֶעהַאט פֶּענִימֶער אוּנְד
פְלִיגֶעלְן:
9 זֵייעֶרֶע פְלִיגֶעלְן זֶענֶען בֶּעהֶעפְט
גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶערֶע, זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ נִיט אוּמְגֶעקֶעהְרְט וֶוען זֵייא
זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אִיטְלִיכֶער אִיז גְלַייךְ
פָארְוֶוערְטְס גֶעגַאנְגֶען:
10 אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן זֵייעֶרֶע
פֶּענִימֶער אִיז גֶעוֶועזֶען וִויא דָאס פָּנִים
פוּן אַ מֶענְשׁ, אוּנְד אַלֶע פִיעֶר הָאבֶּען
גֶעהַאט צוּ דֶער רֶעכְטֶער זַייט אַ פָּנִים
פוּן אַ לֵייבּ, אוּנְד אוֹיף דֶער לִינְקֶער
זַייט הָאבֶּען אַלֶע פִיעֶר גֶעהַאט דָאס
פָּנִים פוּן אֵיין אָקְס, אוּנְד אַלֶע פִיעֶר
הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעהַאט דָאס פָּנִים פוּן
אֵיין אָדְלֶער:
11 אַזוֹי זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זֵייעֶרֶע פֶּענִימֶער,
אוּנְד זֵייעֶרֶע פְלִיגֶעלְן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אָפְּגֶעטֵיילְט פוּן אוֹיבֶּען, פוּן אִיטְלִיכֶען
זֶענֶען צְווֵייא גֶעוֶועזֶען צוּזַאמֶענְגֶעהֶעפְט,
אוּנְד פוּן אִיטְלִיכֶען הָאבֶּען צְווֵייא
בֶּעדֶעקְט זֵייעֶרֶע גוּפֶען:
12 אוּנְד אִיטְלִיכֶער אִיז גְרָאד פָארְ־
וֶוערְטְס גֶעגַאנְגֶען, אַוְואוּ אַהִין דֶער
רוּחַ הָאט גֶעוָואלְט אַז זֵייא זָאלֶען גֵיין

זָענֶען זַייא אַהינְגֶעגַאנְגֶען, זַייא הָאבֶּען
זִיךְ נִיט אוּמְגֶעקֶעהְרְט אִין זַייעֶר גֵיין:
13 אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דִיא
לֶעבֶּעדִיגֶע חַיוֹת אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי
וִויא פַייעֶרְדִיגֶע קוֹילֶען וָואס בְּרֶענֶען,
אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן פַאקֶעלְן
אִיז עֶס אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צְווִישֶׁען דִיא
חַיוֹת, אוּנְד דָאס פַייעֶר הָאט גֶעהַאט
אַ גְלַאנְץ אוּנְד פוּן דֶעם פַייעֶר אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַ בְּלִיץ:
14 אוּנְד דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע חַיוֹת זָענֶען
אַהינְגֶעלָאפֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיקְ־
גֶעקֶעהְרְט אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט
פוּן אַ בְּלִיץ:
15 אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען
דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע חַיוֹת, זֶעה, אַזוֹי אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ רָאד אוֹיף דֶער עֶרְד
נֶעבֶּען דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע חַיוֹת מִיט
זַייעֶרֶע פִיעֶר פֶּענִימֶער:
16 דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דִיא רֶעדֶער
אוּנְד זַייעֶרֶע אַרְבֵּייט אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי
וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן קְרִיסְטַאל,
אוּנְד אַלֶע פִיעֶר הָאבֶּען גֶעהַאט
אֵיינֶערְלֵייא גֶעשְׁטַאלְט, אוּנְד זַייעֶר
אָנְזֶעהֶען אוּנְד זַייעֶרֶע אַרְבֵּייט אִיז
גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא פוּן אַ רָאד אִין
דֶער מִיטֶען פוּן אַ רָאד:
17 וֶוען זַייא זָענֶען גֶעגַאנְגֶען, זָענֶען
זַייא אוֹיף זַייעֶרֶע פִיעֶר זַייטֶען גֶע־
גַאנְגֶען, זַייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט אוּמְ־
גֶעקֶעהְרְט אִין זַייעֶר גֵיין:
18 אוּנְד זַייעֶר רִיקֶען אִיז אַזוֹי הוֹיךְ
גֶעוֶועזֶען אַז עֶס אִיז אַ מוֹרָא גֶעוֶועזֶען
זַייא אָנְצוּזֶעהֶען, אוּנְד זַייעֶר רִיקֶען אִיז
גֶעוֶועזֶען פוּל מִיט אוֹיגֶען, רִינְגְס אַרוּם
צוּ אַלֶע פִיעֶר:
19 אוּנְד וֶוען דִיא חַיוֹת זָענֶען גֶע־
גַאנְגֶען אַזוֹי זָענֶען דִיא רֶעדֶער מִיט
זַייא גֶעגַאנְגֶען בֵּייא זַייעֶרֶע זַייט, אוּנְד
וֶוען דִיא חַיוֹת זָענֶען דֶערְהוֹיבֶּען גֶע־
וָוארֶען פוּן דֶער עֶרְד אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ
דִיא רֶעדֶער אוֹיךְ דֶערְהוֹיבֶּען:
20 אַוואוּ אַהִין דֶער רוּחַ הָאט גֶע־
וָואלְט גֵיין דָארְט אַהִין אִיז דֶער רוּחַ
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא רֶעדֶער הָאבֶּען
זִיךְ עֶנְטְקֶעגֶען זַייא דֶערְהוֹיבֶּען, וָוארִין
דֶער רוּחַ פוּן דִיא חַיוֹת זָענֶען גֶעוֶועזֶען
אִין דִיא רֶעדֶער:
21 וֶוען זַייא זָענֶען גֶעגַאנְגֶען זָענֶען
זַייא אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד וֶוען זַייא
זָענֶען גֶעשְׁטַאנֶען זָענֶען זַייא אוֹיךְ
גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען זִיךְ
דֶערְהוֹיבֶּען פוּן דֶער עֶרְד, אַזוֹי הָאבֶּען
זִיךְ דִיא רֶעדֶער אוֹיךְ עֶנְטְקֶעגֶען זַייא
דֶערְהוֹיבֶּען, וָוארִין דֶער רוּחַ פוּן דִיא
חַיוֹת אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא רֶעדֶער:
22 אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם
הִימֶעל אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דִיא קֶעפּ
פוּן דִיא חַיוֹת, אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט
פוּן אַ פָארְכְטֶערְלִיכֶען קְרִיסְטַאל, וָואס
הָאט זִיךְ פֶערְשְׁפְּרֵייט אִיבֶּער זַייעֶרֶע
קֶעפּ פוּן אוֹיבֶּען:
23 אוּנְד אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל זָענֶען
זַייעֶרֶע פְלִיגֶעל גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ, אֵיינֶע
קֶעגֶען דִיא אַנְדֶערֶע, צוּ אִיטְלִיכֶע
(חַיָה) אִיז גֶעוֶועזֶען צְווֵייא (פְלִיגֶעל)
זִיךְ מִיט זַייא צוּ צוּדֶעקֶען פוּן דִיזֶער
זַייט, אוּנְד צוּ אִיטְלִיכֶע צְווֵייא צוּ
צוּדֶעקֶען זַיירֶע גוּפֶען פוּן יֶענֶער
זַייט:
24 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דָאס
קוֹל פוּן זַייעֶרֶע פְלִיגֶעל אַזוֹי וִויא דָאס
קוֹל פוּן פִילֶע וַואסֶערְן, אַזוֹי וִויא דָאס
קוֹל פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען (גָאט) וֶוען

זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, דָאס קוֹל פוּן זַייעֶר רֶעדֶען אַזוֹי וִויא דָאס קוֹל פוּן אַ מַחֲנֶה; וֶוען זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט הָאבֶּען זַייא אַרוּפְגֶעלָאזְט זַייעֶרֶע פְלִיגֶעלְן:

25 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ קוֹל פוּן אִיבֶּער דֶעם הִימֶעל וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער זַייעֶרֶע קֶעפּ; וֶוען זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט הָאבֶּען זַייא אַרוּפְגֶעלָאזְט זַייעֶרֶע פְלִיגֶעלְן:

26 אוּנְד פוּן אִיבֶּער דֶעם הִימֶעל וָואס אִיז אִיבֶּער זַייעֶרֶע קֶעפּ אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ סַפִּיר־שְׁטֵיין אַ גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ טְרוֹינְשְׁטוּהְל, אוּנְד אִיבֶּער דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם טְרוֹינְשְׁטוּהְל דִיא גֶעשְׁטַאלְט אַזוֹי וִויא פוּן אַ מֶענְשׁ דַארוֹיף פוּן אוֹיבֶּען:

27 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַזוֹי וִויא דִיא פַארְבּ פוּן בֶּערְנְשְׁטֵיין, אַזוֹי וִויא דָאס אָנְזֶעהֶען פוּן פֵייעֶר אִינֶעוֵוייניג רִינְגְס אַרוּם, פוּן דֶעם אָנְזֶעהֶען פוּן זַיינֶע לֶענְדֶען בִּיז נָאךְ אוֹיבֶּען, אוּנְד פוּן דֶעם אָנְזֶעהֶען פוּן זַיינֶע לֶענְדֶען בִּיז נָאךְ אוּנְטֶען, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן פֵייעֶר, אוּנְד עֶס הָאט גֶעשַׁיינְט רִינְגְס אַרוּם:

28 וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ (רֶעגֶען) בּוֹיגֶען וָואס אִיז אִין דֶעם וָואלְקֶען אִין דֶעם טָאג וָואס רֶעגֶענְט, אַזוֹי אִיז דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם שֵׁיין רִינְגְס אַרוּם, דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס אָנְזֶעהֶען פוּן דֶער גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם כָּבוֹד פוּן יְהוָֹה, אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעזֶעהֶען אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעפַאלֶען אוֹיף מֵיין פָּנִים, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ קוֹל רֶעדֶען:

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם שְׁטֶעל דִיךְ אוֹיף דֵיינֶע פִּיס, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיט דִיר רֶעדֶען:

2 אַזוֹי אִיז אִין מִיר גֶעקוּמֶען אַ רוּחַ וֶוען עֶר הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף מֵיינֶע פִּיס, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דֶעם וָואס הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט:

3 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם אִיךְ שִׁיק דִיךְ צוּ דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, צוּ אַ וִוידֶערְשְׁפֶּענִיג פָאלְק וָואס הָאבֶּען קֶעגֶען מִיר וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט, זַייא אוּנְד זַייעֶרֶע אָבוֹת הָאבֶּען קֶעגֶען מִיר גֶעזִינְדִיגְט בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג:

4 אוּנְד דִיא קִינְדֶער זֶענֶען עַזּוּת פְּנֵיעֶמֶער אוּנְד הָאבֶּען הַארְטֶע הֶערְצֶער, אוּנְד אִיךְ שִׁיק דִיךְ צוּ זַייא, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זַייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

5 אוּנְד זַייא, אָבֶּער זַייא וֶועלֶען הֶערֶען אָדֶער זַייא וֶועלֶען פֶערְמֵיידֶען—וָוארִין זַייא זֶענֶען אַ וִוידֶערְשְׁפֶּענִיג הוֹיז—דָאךְ זָאלֶען זַייא וִויסֶען אַז עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ נָבִיא צְוִוישֶׁען זַייא:

6 אָבֶּער דוּא בֶּן־אָדָם זָאלְסְט נִיט פַאר זַייא קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען, אוּנְד פַאר זַייעֶרֶע רֵייד זָאלְסְט דוּא נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען, חָאטְשֶׁע זַייא וֶועלֶען זַיין וִוידֶערְשְׁפֶּענִיג וִויא דֶערְנֶער קֶעגֶען דִיר, וָוארִין דוּא וואוֹינְסְט וִויא צְוִוישֶׁען עַקְרַבִּים, דָאךְ זָאלְסְט דוּא נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען פַאר זַייעֶרֶע רֵייד, אוּנְד פַאר זַייעֶרֶע פְּנֵיעֶמֶער זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט עֶנְגְסְטֶען—וָוארִין זַייא זֶענֶען אַ וִוידֶערְשְׁפֶּענִיג הוֹיז:



אבער

7 אָבֶער דוּא זָאלְסְט רֶעדֶען מַיינֶע װערְטֶער צוּ זֵייא, אוֹיבּ זֵייא װעלֶען עֶס הֶערֶען אָדֶער זֵייא װעלֶען עֶס פֶערְמַיידֶען, װאָרִין זֵייא זֶענֶען אַ װידֶערשְׁפֶּענִיג הויז:

8 אָבֶער דוּא בֶּן־אָדָם הֶער װאָס אִיךְ װעל מִיט דִיר רֶעדֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט זַיין װידֶערשְׁפֶּענִיג אַזוֹי װיא דָאס װידֶערשְׁפֶּענִיגֶע הויז, מַאךְ אויף דַיין מויל אוּנְד עֶס װאָס אִיךְ װעל צוּ דִיר גֶעבֶּען:

9 אוּנְד װען אִיךְ הָאבּ גֶעקוּקְט, זֶעה, אַזוֹי אִיז אַ הַאנְד גֶעװעזֶען אויסְגֶע־שְׁטְרֶעקְט צוּ מִיר, אוּנְד זֶעה, אִין אִיהְר אִיז גֶעװעזֶען אַ סֵפֶר מְגִלָּה:

10 אוּנְד עֶר הָאט זִיא פַאר מִיר אויסְגֶעשְׁפְּרֵייט, אוּנְד עֶס אִיז דַארִין גֶעװעזֶען גֶעשְׁרִיבֶּען פוּן אִינֶעװעייניג אוּנְד פוּן אויסֶעװעייניג קְלָאג, אוּנְד טְרוֹיעִרִיגְקֵייט, אוּנְד װייא:

## קאפיטעל ג

1 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם װאָס דוּא גֶעפִינְסְט עֶס, עֶס אויף דִיא דָאזִיגֶע מְגִלָּה אוּנְד גֵייא אוּנְד רֶעד צוּ דֶעם הויזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל:

2 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אויפְגֶעמַאכְט מַיין מויל אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעמַאכְט עֶסֶען דִיא דָאזִיגֶע מְגִלָּה:

3 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אַז דַיין בויךְ זָאל עֶסֶען אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָנְפִילֶען דַיינֶע גֶעדֶערְם מִיט דֶער דָאזִיגֶע מְגִלָּה װאָס אִיךְ גֶעבּ צוּ דִיר; אַזוֹי הָאבּ אִיךְ זִיא גֶעגֶעסֶען, אוּנְד עֶס אִיז גֶעװעזֶען אִין מַיין מויל אַזוֹי זִיס װיא הָאנִיג:

4 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם, גֵייא, קוּם צוּ דֶעם הויזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא רֶעדֶען מִיט מַיינֶע װערְטֶער:

5 װאָרִין דוּא בִּיזְט נִיט אויסְגֶעשִׁיקְט צוּ אַ פָאלְק װאָס הָאט אַ טִיף אוּנְד שְׁװער לָשׁוֹן נֵייעֶרְט צוּ דֶעם הויזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל:

6 נִיט צוּ פִילֶע פֶעלְקֶער װאָס הָאבֶּען טִיפֶע אוּנְד שְׁװערֶע לְשׁוֹנוֹת װאָס דוּא קֶענְסְט נִיט פֶערשְׁטֵיין זֵייעֶרֶע רֵייד, (בֶּאֱמֶת) װען אִיךְ הֶעט דִיךְ צוּ זֵייא גֶעשִׁיקְט װאָלְטֶען זֵייא נִיט צוּ דִיר צוּגֶעהֶערְט?

7 אָבֶער דָאס הויזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל װִיל נִיט צוּ דִיר צוּהֶערֶען, װאָרִין זֵייא װילֶען נִיט צוּ מִיר צוּהֶערֶען, װייל דָאס גַאנְצֶע הויזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען שְׁטַארְקֶע שְׁטֶערֶען אוּנְד הַארְטֶע הֶערְצֶער:

8 זֶעה, אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט דַיין פָּנִים שְׁטַארְק קֶעגֶען זֵייעֶרֶע פֶּענֶעמֶער, אוּנְד דַיין שְׁטֶערֶען שְׁטַארְק קֶעגֶען זֵייעֶרֶע שְׁטֶערֶענְס:

9 אַזוֹי װיא דֶער שָׁמִיר אִיז שְׁטַארְקֶער פוּן דֶעם שְׁטֵיין אַזוֹי הָאבּ אִיךְ דַיין שְׁטֶערֶען גֶעמַאכְט, דוּא זָאלְסְט פַאר זֵייא קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ פַאר זֵייא נִיט עֶנְגְסְטֶען, װאָרִין זֵייא זֶענֶען אַיין װידֶערשְׁפֶּענִיג הויזְגֶעזִינְד:

10 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר װייטֶער גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם, אַלֶע מַיינֶע רֵייד װאָס אִיךְ רֶעד צוּ דִיר גֶעם אויף אִין דַיין הַארְץ, אוּנְד הֶער זֵייא מִיט דַיינֶע אויעֶרֶען:

11 אוּנְד גֵייא, אוּנְד קוּם צוּ דִיא

פֿערטריבּענע, צו דיא קינדער פֿון
דיין פֿאָלק, אונד דוא זאָלסט צו זייא
רעדען, אונד זאָלסט זאָגען צו זייא,
אַזוי זאָגט דער האַר גאָט, אויב זייא
װעלען עס צוהערען אָדער זייא װעלען
עס פֿערמיידען:
12 אַזוי האָט מיך אַ רוּחַ אַװעק־
געטראָגען, אונד איך האָב הינטער
מיר געהערט אַ קול פֿון אַ גרױסען
רעש—געלויבּט איז דער כָּבוד פֿון
גאָט פֿון זיין אָרט:
13 (איך האָב אויך געהערט) דאָס
קול פֿון דיא חיות װאָס האָבּען געקישט
אײנע דיא אַנדערע, אונד דאָס קול
פֿון דיא אופנים (רעדער) װאָס איז
געװעזען אַנטקעגען זייא, אונד דאָס
קול איז געװעזען מיט אַ גרױסען רעש:
14 אונד דער רוּחַ האָט מיך גע־
טראָגען אונד אַװעקגענומען, אונד איך
בּין געגאַנגען אין בּיטערקייט אונד
מיט אַ הייסען געמיט, אָבּער דיא
האַנד פֿון יהוה איז אויף מיר שטאַרק
געװעזען:
15 אַזוי בּין איך אָנגעקומען צו דיא
פֿערטריבּענע װאָס זענען געװעזען אין
תּל אָבִיב, װאָס האָבּען געװאוינט בּייא
דעם טייך כּבר, אונד איך האָב גע־
זעסען דאָרט אַװוּ זייא זענען געזעסען,
איך בּין דאָרט געזעסען זיבּען טעג
פֿערװאונדערט צװישען זייא:
16 אונד עס איז געװעזען פֿון סוף
פֿון דיא זיבּען טעג—אַזוי איז דאָס
װאָרט פֿון גאָט צו מיר געװעזען, אַזוי
צו זאָגען:
17 בּן־אָדם, איך האָב דיך געמאַכט
פֿאַר אַ װעכטער צו דעם הויזגעזינד
פֿון ישׂראל, דאַרום זאָלסט דוא הערען
דאָס װאָרט פֿון מיין מויל, אונד דוא
זאָלסט זייא װאָרענען פֿון מיר:
18 װען איך זאָג צו דעם רשע, דוא
װעסט געװיס שטאַרבּען, אונד דוא
װאָרענסט איהם ניט, אונד דוא האָסט
ניט גערעדט כּדי דעם רשע צו װאָרענען
פֿון זיין בּייזען װעג אַז ער זאָל לעבּען
—דערזעלבּיגער רשע װעט אין זיינע
זינד שטאַרבּען, אָבּער זיין בּלוט װעל
איך פֿערלאַנגען פֿון דיינע האַנד:
19 אָבּער װען דוא האָסט געװאָרענט
דעם רשע אונד ער האָט זיך ניט
אַװעקגעקעהרט פֿון זיין רשעת, אונד
פֿון זיין בּייזען װעג, ער װעט שטאַרבּען
װעגען זיינע זינד, אונד דוא האָסט
דיין נפש מציל געװעזען:
20 אונד װען אַ צדיק קעהרט זיך
אַװעק פֿון זיין צדקות, אונד ער טהוט
אומרעכט, אונד איך געבּ פֿאַר איהם
אַ שטרויכלונג, ער זאָל שטאַרבּען,
װייל דוא האָסט איהם ניט געװאָרענט,
ער זאָל שטאַרבּען װעגען זיינע זינד,
אונד זיין צדקות װאָס ער האָט געטהון
זאָל ניט דערמאַנט װערען, אָבּער זיין
בּלוט װעל איך פֿערלאַנגען פֿון דיינע
האַנד:
21 אָבּער װען דוא האָסט דעם צדיק
געװאָרענט אַז ער זאָל ניט זינדיגען,
אונד ער טהוט ניט זינדיגען, ער זאָל
געװיס לעבּען, װאָרין ער האָט זיך
געלאָזט װאָרענען, אונד דוא האָסט
דיין נפש מציל געװעזען:
22 אונד דיא האַנד פֿון גאָט איז
אויף מיר דאָרט געװעזען, אונד ער
האָט צו מיר געזאָגט, שטייא אויף,
גייא אַרויס צו דעם טהאָל אונד איך
װעל מיט דיר דאָרט רעדען:

23 אַזוֹי בִּין אִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד בִּין אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם
טָהָאל, אוּנְד זֶעה, דֶער כָּבוֹד פוּן
יְהוָֹה אִיז דָארְט גֶעשְׁטַאנֶען, אַזוֹי וִויא
דֶער כָּבוֹד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען
בַּייא דֶעם טַייךְ כְּבָר, אוּנְד אִיךְ בִּין
גֶעפַאלֶען אוֹיף מַיין פָּנִים׃
24 אוּנְד דֶער רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ אִיז אִין
מִיר אַרַיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט
מִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף מַיינֶע פִּיס,
אוּנְד עֶר הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט, אוּנְד
עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, קוּם אַרַיין,
אוּנְד פֶערשְׁלִיס דִיךְ אִינְוֶועוֵוינִיג אִין
דַיין הויז׃
25 אָבֶּער דוּא בֶּן־אָדָם, זֶעה, זַייא
וֶועלֶען אוֹיף דִיר טְהוּן גְרָאבֶּע שְׁטְרִיק
אוּנְד מֶען וֶועט דִיךְ מִיט זַייא בִּינְדֶען,
אָבֶּער דוּא זָאלְסְט נִיט צְווִישֶׁען זַייא
אַרוֹיסְגֵיין׃
26 אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען דַיינֶע צוּנְג
בֶּעהֶעפְטֶען צוּ דַיין גוּימֶען, אוּנְד דוּא
וֶועסְט שְׁטוּם וֶוערֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט
נִיט זַיין צוּ זַייא אַ שְׁטְרָאפֶעדִיגֶער
מַאן, ווייל זַייא זֶענֶען אַ ווידֶערשְׁפֶּענִיג
הויזְגֶעזִינְד׃
27 אָבֶּער וֶוען אִיךְ וֶועל מִיט דִיר
רֶעדֶען אַזוֹי וֶועל אִיךְ אוֹיפְמַאכֶען דַיין
מויל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זַייא זָאגֶען,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דֶער וָואס
וויל צוּהֶערֶען דֶער זָאל הֶערֶען, אָבֶּער
דֶער וָואס וויל פֶערְמֵיידֶען זָאל פֶער־
מֵיידֶען, וָוארִין זַייא זֶענֶען אַ ווידֶער־
שְׁפֶּענִיג הויזְגֶעזִינְד׃

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, נֶעם דִיר אַ
צִיגֶעל, אוּנְד לֵייג עֶס פַאר דִיר אַנִידֶער,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיף אִיהְר אוֹיס־
קְרִיצֶען דִיא שְׁטָאט יְרוּשָׁלָיִם׃
2 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיבֶּער אִיהְר
(אוֹיסְמַאלֶען) אַ בֶּעלַאגֶערוּנְג, אוּנְד
זָאלְסְט אִין אִיהְר בּוֹיעֶן אַ טָארֶעם,
אוּנְד זָאלְסְט אִיבֶּער אִיהְר אַרוּם שִׁיטֶען
אַ שַׁאנְץ, אוּנְד זָאלְסְט אוֹיפְשְׁטֶעלֶען
אִין אִיהְר מַחֲנוֹת, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
אִיבֶּער אִיהְר רִינְגְס אַרוּם מַאכֶען
הִיטֶערְם׃
3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיר נֶעמֶען אֵיינֶע
אֵייזֶערְנֶע פֶּייעֶרְפַאן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
זִיא גֶעבֶּען פַאר אֵיינֶע אֵייזֶערְנֶע וַואנְד
צְווִישֶׁען דִיר אוּנְד דִיא שְׁטָאט, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט אָנְגְרֵייטֶען דַיין פָּנִים צוּ
אִיהְר, אוּנְד זִיא זָאל זַיין צוּ אַ בֶּע־
לַאגֶערוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ
אִיבֶּער אִיהְר בֶּעלַאגֶערְן, אוּנְד דָאס
זָאל זַיין אַ צֵייכֶען צוּ דֶעם הויזְגֶעזִינְד
פוּן יִשְׂרָאֵל׃
4 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ לֵייגֶען אוֹיף
דַיינֶע לִינְקֶע זַייט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
דַארוֹיף טְהוּן דִיא זִינְד פוּן דֶעם הויזְ־
גֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, נָאךְ דֶער צָאל פוּן
דִיא טֶעג וָואס דוּא וֶועסְט לִיגֶען אוֹיף
(דֶער זַייט) וֶועסְט דוּא טְרָאגֶען זַייעֶרֶע
זִינְד׃
5 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיף דִיר גֶעגֶעבֶּען
דִיא יָאהְרֶען פוּן זַייעֶרֶע זִינְד נָאךְ דֶער
צָאל פוּן דִיא טֶעג, דְרַייא הוּנְדֶערְט
אוּנְד נַיינְצִיג טֶעג, אוּנְד דֶערְמִיט
וֶועסְט דוּא טְרָאגֶען דִיא זִינְד פוּן דֶעם
הויזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל׃
6 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט דִיא דָאזִיגֶע
הָאבֶּען פַארְלֶענְגְט אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דִיךְ
לֵייגֶען צוּ דֶעם אַנְדֶערְן מָאל אוֹיף
דַיינֶע רֶעכְטֶע זַייט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
טְרָאגֶען דִיא זִינְד פוּן דֶעם הויזְגֶעזִינְד

פוּן יְהוּדָה פֶערְצִיג טֶעג, אִיךְ הָאבּ
פַאר דִיר בֶּעשְׁטִימְט אַ טָאג פַאר
אִיטְלִיכֶען יָאהְר:

7 אוּנְד דוּא וָואלְסְט אָנְבֶּערֵייטֶען דֵיין
פָּנִים צוּ דֶער בֶּעלַאגֶערוּנְג פוּן יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד וָואלְסְט אוֹיפְדֶעקֶען דֵיין אָרֶעם
אוּנְד דוּא וָואלְסְט קֶעגֶען אִיהְר נְבִיאוּת
זָאגֶען:

8 אוּנְד זֶעה, אִיךְ וֶועל אוֹיף דִיר
גֶעבֶּען גְרָאבֶּע שְׁטְרִיק אַז דוּא וָואלְסְט
דִיךְ נִיט קֶענֶען אוּמְקֶעהְרֶען פוּן אֵיינֶע
זֵייט צוּ דֶער אַנְדֶערֶע זֵייט בִּיז דוּא
הָאסְט גֶעעֶנְדִיגְט דִיא טֶעג פוּן דֵיינֶע
בֶּעלַאגֶערוּנְג:

9 אוּנְד דוּא וָואלְסְט צוּ דִיר נֶעמֶען
וַוייץ, אוּנְד גֶערְשְׁט, אוּנְד בָּאנֶען, אוּנְד
לִינְזֶען, אוּנְד הִירְזְשׁ, אוּנְד טוּנְקֶעלְן
וַוייץ, אוּנְד דוּא וָואלְסְט זֵייא אַרֵיינְטְהוּן
אִין אַ כְּלִי אוּנְד דוּא וָואלְסְט עֶס פַאר
דִיר מַאכֶען אַלְם שְׁפֵּייז נָאךְ דֶער צָאל
פוּן דִיא טֶעג וָואס דוּא וֶועסְט לִיגֶען
אוֹיף דֵיינֶע זֵייט, דְרֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד
נֵיינְצִיג טֶעג וָואלְסְט דוּא דַאפוּן עֶסֶען:

10 אוּנְד דֵיין עֶסֶען וָואס דוּא וֶועסְט
עֶסֶען זָאל זֵיין נָאךְ דֶעם גֶעוִויכְט
צְוַאנְצִיג שֶׁקֶל פַאר אַ טָאג, פוּן צֵייט
צוּ צֵייט וָואלְסְט דוּא עֶס עֶסֶען:

11 אוּנְד וַואסֶער וָואלְסְט דוּא טְרִינְקֶען
מִיט אַ מָאס, דְהַיְינוּ אַ זֶעקְסְטֶעל הִין,
פוּן צֵייט צוּ צֵייט וָואלְסְט דוּא עֶס
טְרִינְקֶען:

12 דוּא וָואלְסְט עֶס עֶסֶען וִויא אַ
גֶערְשְׁטֶען־קִיכֶעל, דוּא וָואלְסְט עֶס
בַּאקֶען מִיט מֶענְשֶׁען־צוֹאָה פַאר זֵייעֶרֶע
אוֹיגֶען:

13 אוּנְד יְהֹוָה הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
אַזוֹי וֶועלֶען דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל עֶסֶען
זֵייעֶר אוּמְרֵיין בְּרוֹיט צְוִוישֶׁען דִיא
גוֹיִם אַוְואוּ אִיךְ וֶועל זֵייא דָארְט אַהִין
פֶערְשְׁטוֹיסֶען:

14 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, אוֹי, מֵיין
הַאר גָאט! זֶעה, מֵיין נֶפֶשׁ אִיז נִיט
טָמֵא גֶעוָוארֶען, אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעגֶעסֶען
קֵיין נְבֵלָה אוּנְד קֵיין טְרֵפָה פוּן מֵיינֶע
יוּגֶענְד אָן בִּיז אַהֶער, אוּנְד עֶס אִיז
אוֹיךְ נִיט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין מֵיין מוֹיל
קֵיין אוּמְרֵיינֶעם פְלֵיישׁ:

15 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
זֶעה, אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעגֶעבֶּען צוֹאַת
פוּן רִינְדֶער אַנְשְׁטָאט מֶענְשֶׁען־צוֹאַת,
אוּנְד דוּא וָואלְסְט דֵיין בְּרוֹיט מַאכֶען
דֶערְמִיט:

16 אוּנְד עֶר הָאט (וֵוייטֶער) צוּ מִיר
גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם, זֶעה, אִיךְ וֶועל צוּ־
בְּרֶעכֶען דִיא אוּנְטֶערְלֶעהְנוּנְג פוּן בְּרוֹיט
אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען עֶסֶען
דָאס בְּרוֹיט מִיט גֶעוִויכְט אוּנְד מִיט
זָארְג, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען טְרִינְקֶען
וַואסֶער מִיט מָאס אוּנְד מִיט פֶער־
וְואוּנְדֶערוּנְג:

17 כְּדֵי עֶס זָאל זֵייא גֶעמִינֶערְט וֶוערֶען
בְּרוֹיט אוּנְד וַואסֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
זִיךְ פֶערְווְאוּנְדֶערְן אֵיינֶער אִיבֶּער דֶעם
אַנְדֶערְן, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען פֶערְגֵיין
וֶועגֶען זֵייעֶרֶע זִינְד:

קאפיטעל ה

1 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, נֶעם דִיר אַ
שַׁארְף שְׁוֶוערְט, אַ גָאלְמֶעסֶער וָואלְסְט
דוּא דִיר נֶעמֶען, אוּנְד דוּא וָואלְסְט עֶס
מַאכֶען אִיבֶּערְפָאהְרֶען אִיבֶּער דֵיין
קָאפּ אוּנְד אִיבֶּער דֵיין בָּארְט, אוּנְד
דוּא וָואלְסְט דִיר נֶעמֶען וָואגְשָׁאלֶען
אוּנְד זֵייא (דִיא הָאר) צוּטֵיילֶען:

2 אַ דְרִיט־חֵלֶק וָואלְסְט דוּא פֶערְבְּרֶענֶען

אִים פֵייעֶר אִין מִיטֶען שְׁטָאט וֶוען דִיא טֶעג פוּן דֶער בֶּעלַאגֶערוּנְג וֶועלֶען דֶערפִּילְט זַיין, אוּנְד אַ דְרִיט־חֵלֶק זָאלְסְט דוּא גֶעמֶען אוּנְד שְׁלָאגֶען מִיט אַ שְׁוֶוערְט רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד אַ דְרִיט־חֵלֶק זָאלְסְט דוּא פֶערשְׁפְּרֵייטֶען צוּ דֶעם ווִינְד, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיסְצִיהֶען דָאס שְׁוֶוערְט הִינְטֶער זֵייא ׃

3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ דֶערְפוּן גֶעמֶען וֵויינִיג אִין דֶער צָאל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אֵיינְבִּינְדֶען אִין דִיא עֶקֶען (פוּן דֵיין קְלֵייד) ׃

4 אוּנְד פוּן זֵייא זָאלְסְט דוּא נָאךְ גֶעמֶען (עֶטְלִיכֶע הָאר) אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אַהִינְוַוארְפֶען אִין מִיטֶען פֵייעֶר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא פֶער־בְּרֶענֶען אִים פֵייעֶר, וָוארִין פוּן זֵייא וֶועט אַרוֹיסְגֵיין אַ פֵייעֶר צוּ דֶעם גַאנְצֶען הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל ׃

5 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דָאס אִיז יְרוּשָׁלַיִם, אִיךְ הָאבּ זִיא גֶעטְהוּן צְווִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער אוּנְד דִיא לֶענְדֶער וָואס זֶענֶען אַרִינְגְס אַרוּם ׃

6 אוּנְד זִיא הָאט פֶערְבִּיטֶען מֵיין מִשְׁפָּט צוּ רִשְׁעוּת מֶעהְר וִויא דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד מֵיינֶע גֶעזֶעץ מֶעהְר וִויא פוּן דִיא לֶענְדֶער וָואס זֶענֶען רִינְגְס אַרוּם, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען פֶערְ־וָוארְפֶען מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים אוּנְד זֵייא זֶענֶען נִיט גֶעגַאנְגֶען אִין מֵיינֶע גֶעזֶעץ ׃

7 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, וַוייל אִיהְר זֶענְט מֶעהְר גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא פֶעלְקֶער וָואס זֶענֶען רִינְגְס אַרוּם אַייךְ, אוּנְד אִיהְר זֶענְט נִיט גֶעגַאנְגֶען אִין מֵיינֶע גֶעזֶעץ אוּנְד מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים הָאט אִיהְר נִיט גֶעטְהוּן, אוּנְד אַפִּילוּ וִויא דִיא מִשְׁפָּטִים פוּן דִיא גוֹיִם הָאט אִיהְר אוֹיךְ נִיט גֶעטְהוּן ׃

8 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעה, אַזוֹי בִּין אִיךְ אוֹיךְ קֶעגֶען דִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל צְווִישֶׁען דִיר טְהוּן מִשְׁפָּטִים פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא פֶעלְקֶער ׃

9 אוּנְד אִיךְ וֶועל אוּנְטֶער דִיר טְהוּן דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ נָאךְ קֵיינְמָאל נִיט גֶעטְהוּן, אוּנְד אִיךְ וֶועל אַ זָאלְכֶעס נִיט מֶעהְר טְהוּן, פוּן וֶועגֶען אַלֶע דֵיינֶע אוּמְוֶוערְדִינְקֵייטֶען ׃

10 דַארִיבֶּער וֶועלֶען דִיא פֶעטֶער עֶסֶען זֵיירֶע קִינְדֶער, אוּנְד קִינְדֶער וֶועלֶען עֶסֶען זֵיירֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוּנְטֶער דִיר גֶעבֶּען שְׁטְרָאפְ־גֶערִיכְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערשְׁפְּרֵייטֶען זֵיירֶע גַאנְצֶע אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג צוּ אַלֶע ווִינְדֶען ׃

11 דַארוּם, אַזוֹי וָואהְר וִויא אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט יְהוָֹה גָאט, בֶּאֱמֶת, וַוייל דוּא הָאסְט מְטַמֵא גֶעוֶועזֶען מֵיין בֵּית הַמִקְדָשׁ מִיט אַלֶע דֵיינֶע אוּמְוֶוערְדִינְקֵייטֶען אוּנְד מִיט אַלֶע דֵיינֶע מִיאוּסְקֵייטֶען אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיךְ אוֹיךְ מִינֶערְן, אוּנְד מֵיין אוֹיג וֶועט זִיךְ נִיט דֶערְבַּארְמֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּער דִיר קֵיין רַחֲמָנוּת נִיט הָאבֶּען ׃

12 אַ דְרִיט־חֵלֶק פוּן דִיר וֶועט שְׁטַארְבֶּען דוּרְךְ פֶּעסְטִילֶענְץ, אוּנְד דוּרְךְ הוּנְגֶער זָאלֶען זֵייא צְווִישֶׁען דִיר אוּמְקוּמֶען, אוּנְד אַ דְרִיט־חֵלֶק וֶועט פַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְט אַרִינְגְס אַרוּם דִיר, אוּנְד אַ דְרִיט־חֵלֶק וֶועל אִיךְ פֶערשְׁפְּרֵייטֶען צוּ אַלֶע ווִינְדֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיסְצִיהֶען דָאס שְׁוֶוערְט הִינְטֶער זֵייא ׃

13 אוֹיף אַזוֹי אֵיין אוֹפֶן וֶועט זִיךְ

מַיין צָארְן פֶערְלֶענְדֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל
מַאכֶען אַז מַיין גְרִימְצָארְן זָאל אויף
זֵייא רוּהֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל מִיךְ
טְרֵייסְטֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען װִיסֶען אַז
אִיךְ יְהֹוָה הָאבּ עֶס גֶערֶעט אִין מֵיינֶע
נְקָמָה, װֶען אִיךְ הָאבּ פֶערְלֶענְט אַן
זֵייא מַיין צָארְן׃
14 אוּנְד אִיךְ װֶעל דִיךְ גֶעבֶּען צוּ אַ
חוּרְבָּן, אוּנְד צוּ אַ חֶרְפָּה אוּנְטֶער דִיא
גוֹיִם װָאס װֶענֶען רִינְגְס אַרוּם אוּם דִיר,
פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן אַלֶע װָאס װֶעלֶען
אִיבֶּערְפָאהְרֶען׃
15 אוּנְד עֶס װֶעט זֵיין צוּ אַ חוּרְבָּן,
חֶרְפָּה אוּנְד אַ לֶעסְטֶערוּנְג, אוּנְד צוּ
שְׁטְרָאפוּנְג אוּנְד פֶערוּוּאוּנְדֶערוּנְג צוּ
דִיא גוֹיִם װָאס װֶענֶען רִינְגְס אַרוּם דִיר,
װֶען אִיךְ װֶעל אַן דִיר טְהוּן שְׁטְרָאפ־
גֶערִיכְט מִיט צָארְן אוּנְד גְרִימְצָארְן
אוּנְד מִיט צָארְנִיגֶען שְׁטְרָאף, אִיךְ
יְהֹוָה הָאבּ עֶס גֶערֶעט׃
16 װֶען אִיךְ װֶעל צוּ זֵייא אוֹיסְשִׁיקֶען
דִיא שְׁלֶעכְטֶע פֵיילֶען פוּן הוּנְגֶער,
װָאס װֶענֶען צוּם פֶערְדַארְבֶּען, װָאס
אִיךְ װֶעל אַן זֵייא אוֹיסְשִׁיקֶען כְּדֵי זֵייא
צוּ פֶערְדַארְבֶּען, אוּנְד אִיךְ װֶעל אִיבֶּער
אֵייךְ פֶערְמֶעהְרֶען דֶעם הוּנְגֶער, אוּנְד
װֶעל פַאר אֵייךְ צוּבְּרֶעכֶען דִיא אוּנְטֶערְ־
לֶעהְנוּנְג פוּן בְּרוֹיט׃
17 אוּנְד אַזוֹי װֶעל אִיךְ אִיבֶּער אֵייךְ
אוֹיסְשִׁיקֶען הוּנְגֶער, אוּנְד אַ בֵּייזֶע
חַיָה, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען דִיךְ בֶּערוֹיבֶּען,
אוּנְד דִיא פֶּעסְטִילֶענְץ אוּנְד בְּלוּט װֶעט
אַן דִיר אִיבֶּערְפָאהְרֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל
אוֹיךְ אִיבֶּער דִיר בְּרֶענְגֶען אַ שְׁװֶערְט,
אִיךְ יְהֹוָה הָאבּ עֶס גֶערֶעט׃

## קאפיטעל ו

1 אוּנְד דָאס װָארְט פוּן יְהֹוָה אִיז צוּ
מִיר גֶעװֶעזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
2 בֶּן־אָדָם טְהוּא דֵיין פָּנִים צוּ דִיא
בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זָאג נְבִיאוּת
צוּ זֵייא׃
3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, אִיהְר
בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל הֶערְט צוּ דָאס װָארְט
פוּן דֶעם הַאר גָאט, אַזוֹי זָאגְט דֶער
הַאר גָאט צוּ דִיא בֶּערְג אוּנְד צוּ דִיא
הֵייךְ, צוּ דִיא אוֹיסְגַאנְג פוּן װַאסֶער
אוּנְד צוּ דִיא טְהָאלֶען, זֶעה, אִיךְ װֶעל
אִיבֶּער אֵייךְ בְּרֶענְגֶען אַ שְׁװֶערְט, אוּנְד
אִיךְ װֶעל פֶערְטִילְגֶען אֵיירֶע בָּמוֹת׃
4 אוּנְד אֵיירֶע מִזְבְּחוֹת װֶעלֶען פֶערְ־
װִיסְט װֶערֶען, אוּנְד אֵיירֶע זוּן־בִּילְדֶער
װֶעלֶען צוּבְּרָאכֶען װֶערֶען, אוּנְד אִיךְ
װֶעל מַאכֶען פַאלֶען אֵיירֶע דֶערְשְׁלָאגֶענֶע
פַאר אֵיירֶע אָפְּגֶעטֶער׃
5 אוּנְד אִיךְ װֶעל גֶעבֶּען דִיא פְּגָרִים
פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פַאר זֵיירֶע
אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד אִיךְ װֶעל פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען
זֵיירֶע בֵּיינֶער רִינְגְס אַרוּם אֵיירֶע
מִזְבְּחוֹת׃
6 אִין אַלֶע אֵיירֶע װִאוֹינוּנְגֶען װֶעלֶען
דִיא שְׁטֶעט חָרוּב װֶערֶען, אוּנְד דִיא
בָּמוֹת װֶעלֶען װִיסְט װֶערֶען, כְּדֵי אֵיירֶע
מִזְבְּחוֹת זָאלֶען חָרוּב אוּנְד װִיסְט
װֶערֶען, אוּנְד אֵיירֶע אָפְּגֶעטֶער װֶעלֶען
צוּבְּרָאכֶען אוּנְד צוּשְׁטֶערְט װֶערֶען,
אוּנְד אֵיירֶע זוּן־בִּילְדֶער װֶעלֶען אָפְּ־
גֶעשְׁנִיטֶען װֶערֶען, אוּנְד אֵיירֶע מַעֲשִׂים
װֶעלֶען אוֹיסְגֶעמֶעקְט װֶערֶען׃
7 אוּנְד דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע זָאלֶען
פַאלֶען צְװִישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט
װִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה׃
8 אָבֶּער אִיךְ װֶעל אִיבֶּערְלָאזֶען צוּ
אֵייךְ עֶטְלִיכֶע װָאס װֶעלֶען עֶנְטְרִינֶען
פוּן דֶעם שְׁװֶערְט צְװִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער,

װֶען אִיהְר װֶעט זַיין צוּשְׁפְּרֵייט אִין
דִיא לֶענְדֶער:
9 אוּנְד אֵייעֶרע עֶנְטְרִינֶענֶע װֶעלֶען מִיךְ
גֶעדֶענְקֶען צְװִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער אַװְאוּ
זַייא װֶעלֶען דָארְט זַיין גֶעפַאנְגֶען, װייל
אִיךְ הָאבּ צוּבְּרָאכֶען זַייעֶרע הוּרִישֶׁע
הֶערְצֶער װָאס הָאט זִיךְ פוּן מִיר
אַװֶעקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זַייעֶרע הוּרִישֶׁע
אוֹיגֶען װָאס גֵייעֶן נָאךְ אַנְדֶערֶע אָפְּ־
גֶעטֶער, אוּנְד זַייא װֶעלֶען זִיךְ אַלֵיין
פֶערְעֶקֶעלְן װֶעגֶען דֶעם בֵּייזֶען װָאס
זַייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן מִיט אַלֶע זַייעֶרע
אוּמְװֶערְדִיגְקֵייטֶען:
10 אוּנְד זַייא װֶעלֶען װִיסֶען אַז אִיךְ
בִּין יְהֹוָה, אוּנְד דָאס אִיךְ הָאבּ נִיט
בְּחִנָם גֶערֶעט צוּ זַייא דָאס גַאנְצֶע
שְׁלֶעכְטֶע צוּ טְהוּן:
11 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, שְׁלָאג
מִיט דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד קְלַאפּ מִיט
דֵיין פוּס, אוּנְד זָאג, אָךְ אוּנְד װֵייא,
פוּן װֶעגֶען אַלֶע בֵּייזֶע אוּמְװֶערְדִיגְקֵייטֶען
פוּן דֶעם הויז יִשְׂרָאֵל, װָארִין זַייא
װֶעלֶען פַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁװֶערְט
אוּנְד דוּרְךְ הוּנְגֶער אוּנְד דוּרְךְ פֶּעסְ־
טִילֶענְץ:
12 דֶער װָאס אִיז װַייט װֶעט שְׁטַארְבֶּען
דוּרְךְ פֶּעסְטִילֶענְץ, אוּנְד דֶער װָאס אִיז
נָאהֶענְט װֶעט פַאלֶען דוּרְךְ דָאס
שְׁװֶערְט, אוּנְד דֶער װָאס װֶעט אִיבֶּער־
בְּלֵייבֶּען װֶעט בֶּעלַאגֶערְט װֶערֶען אוּנְד
שְׁטַארְבֶּען דוּרְךְ הוּנְגֶער, אוּנְד אַזוֹי
װֶעל אִיךְ מֵיין צָארְן אַן זַייא פֶערְלֶענְדֶען:
13 דֶערְנָאךְ װֶעט אִיהְר דֶערְקֶענֶען
אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה, װֶען זַייעֶרע דֶער־
שְׁלָאגֶענֶע װֶעלֶען זַיין צְװִישֶׁען זַייעֶרע
אָפְּגֶעטֶער רִינְגְס אַרוּם זַייעֶרע מִזְבְּחוֹת,
אוֹיף אִיטְלִיכֶען הוֹיכֶען הֵייךְ, אוּנְד
אוֹיף אִיטְלִיכֶען שְׁפִּיץ בַּארְג, אוּנְד
הִינְטֶער אִיטְלִיכֶען גְרִינֶעם בּוֹים, אוּנְד
הִינְטֶער אִיטְלִיכֶען דִיקֶען לִינְדֶען־בּוֹים,
אוֹיף דֶעם אָרְט אַװְאוּ זַייא הָאבֶּען
דָארְטֶען גֶעגֶעבֶּען אַ גֶעשְׁמַאקֶען רֵיחַ
צוּ אַלֶע זַייעֶרע אָפְּגֶעטֶער:
14 אַזוֹי װֶעל אִיךְ אִיבֶּער זַייא אוֹיסְ־
שְׁטְרֶעקֶען מֵיינֶע הַאנְד אוּנְד אִיךְ װֶעל
דָאס לַאנְד אַזוֹי װִיסְט מַאכֶען מֶעהְר
װִיסְט װִיא דִיא מִדְבָּר דִבְלָתָה, אִין אַלֶע
זַייעֶרע װְאוֹינוּנְגֶען, אוּנְד זַייא װֶעלֶען
דֶערְקֶענֶען אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה:

## קאפיטעל ז

1 אוּנְד דָאס װָארְט פוּן יְהֹוָה אִיז צוּ
מִיר גֶעװֶעזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, אַזוֹי זָאגְט דֶער
הַאר גָאט, צוּ דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד פוּן
יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעקוּמֶען דֶער סוֹף, עֶס
אִיז גֶעקוּמֶען אַ סוֹף אוֹיף דִיא פִיעֶר
עֶקֶען פוּן דֶעם לַאנְד:
3 אַצוּנְד אִיז דָאס עֶנְד גֶעקוּמֶען אוֹיף
דִיר, װָארִין אִיךְ װֶעל אוֹיסְשִׁיקֶען מֵיין
צָארְן אִיבֶּער דִיר, אוּנְד אִיךְ װֶעל דִיךְ
מִשְׁפָּט'ן אַזוֹי װִיא דֵיינֶע װֶעגֶען זֶענֶען,
אוּנְד אִיךְ װֶעל אִיבֶּער דִיר גֶעבֶּען
(בֶּעצָאלֶען) נָאךְ אַלֶע דֵיינֶע אוּמְ־
װֶערְדִיגְקֵייטֶען:
4 אוּנְד מֵיין אוֹיג װֶעט דִיךְ נִיט
פֶערְשׁוֹינֶען אוּנְד אִיךְ װֶעל מִיךְ אוֹיךְ
נִיט דֶערְבַּארְמֶען, גֵייעֶרְט אִיךְ װֶעל
דִיר בֶּעצָאלֶען נָאךְ דֵיינֶע װֶעגֶען פַאר
דֵיינֶע אוּמְװֶערְדִיגֶע מַעֲשִׂים װָאס װֶעלֶען
זַיין צְװִישֶׁען דִיר, אוּנְד אִיהְר װֶעט
װִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה:
5 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אֵיין
אוּנְגְלִיק, יוּא אֵיין אֵיינְצִיג אוּנְגְלִיק,
װֶעה עֶס קוּמְט:

6 דֶער סוֹף אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, יוֹא דֶער
סוֹף אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, עֶס אִיז קֶעגֶען
דִיר אוֹיפְגֶעוֶועקְט, זֶעה, עֶס אִיז אָנְ־
גֶעקוּמֶען׃
7 דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן אִיז אִיבֶּער
דִיר גֶעקוּמֶען, אוֹי דוּא וָואס וְואוֹינְסְט
אִין דֶעם לַאנְד, דִיא צַייט אִיז אָנְ־
גֶעקוּמֶען, דֶער טָאג פוּן גֶעטִימֶעל אִיז
נָאהֶענְט, אָבֶּער נִיט פוּן דֶעם וִוידֶער־
שְׁרַייא פוּן דִיא בֶּערְג׃
8 אַצוּנְד, בַּאלְד וֶועל אִיךְ אִיבֶּער דִיר
אוֹיסְגִיסֶען מֵיין גְרִימְצָארְן, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אַן דִיר פֶערְלֶענְדֶען מֵיין צָארְן,
אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מִשְׁפָּט'ן נָאךְ
דֵיינֶע וֶועגֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר
בֶּעצָאלֶען נָאךְ אַלֶע דֵיינֶע אוּמְוֶוערְ־
דִיגְקֵייטֶען׃
9 אוּנְד מֵיין אוֹיג וֶועט (דִיךְ) נִיט
פֶערְשׁוֹינֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט
דֶערְבַּארְמֶען, נֵייעֶרְט נָאךְ דֵיינֶע וֶועגֶען
וֶועל אִיךְ דִיר בֶּעצָאלֶען, אוּנְד נָאךְ
דֵיינֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייטֶען וָואס זֶענֶען
צְוִוישֶׁען דִיר, אוּנְד אִיהְר זָאלְט וִויסֶען
אַז אִיךְ יְהֹוָה בִּין דֶער שְׁלָאגֶער׃
10 זֶעה אָן דֶעם טָאג, זֶעה עֶר קוּמְט
אָן! דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן אִיז (שׁוֹין)
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען! דֶער שְׁטֶעקֶען הָאט
אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאצְט, דֶער שְׁטָאלְצֶער
בְּלִיהְט׃
11 דִיא רוֹיבֶּערַייא אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אַלְס אַ שְׁלֶעכְטֶער שְׁטֶעקֶען קֵיינֶער פוּן
זַייא וֶועט בְּלֵייבֶּען, אוֹיךְ נִיט פוּן זֵיירֶע
מַאסֶען, אוּנְד קֵיינֶער פוּן זֵיירֶע
(קִינְדֶער), עֶס וֶועט אוֹיךְ נִיט אִיבֶּער
זַייא גֶעקְלָאגְט וֶוערֶען׃
12 דִיא צַייט אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, דֶער
טָאג אִיז נָאהֶענְט גֶעוָוארֶען, לָאז זִיךְ
נִיט דֶער קוֹנֶה פְרֵייעֶן אוּנְד דֶער
פֶערְקוֹיפֶער טְרוֹיעֶרְן וָוארִין מֵיין גְרִימְ־
צָארְן אִיז אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע מַאסֶע׃
13 וָוארִין דֶער מוֹכֵר וֶועט נִיט מֶעהְר
צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דֶעם פֶערְקוֹיפְטֶען,
חָאטְשֶׁע זֵייעֶר לֶעבֶּען אִיז נָאךְ אוּנְטֶער
דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע, וָוארִין דִיא נְבִיאָה אִיז
קֶעגֶען דֶער גַאנְצֶע מַאסֶע, וָואס וֶועט
נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען, אוּנְד קֵיינֶער וֶועט
נִיט אִין זֵיינֶער זִינְד זֵיין לֶעבֶּען שְׁטַארְק
מַאכֶען׃
14 זַייא הָאבֶּען מִיט דֶעם שׁוֹפָר
גֶעבְּלָאזֶען, אַלֶעס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט, אוּנְד
קֵיינֶער גֵייט נִיט אִין דֶער מִלְחָמָה,
וָוארִין מֵיין גְרִימְצָארְן אִיז אִיבֶּער דֶער
גַאנְצֶע מַאסֶע פוּן זַייא׃
15 דָאס שְׁוֶוערְט אִיז דְרוֹיסֶען, אוּנְד
דִיא פֶּעסְטִילֶענְץ אוּנְד דֶער הוּנְגֶער
אִינֶעוֵוייְנִיג, דֶער וָואס אִיז אוֹיף דֶעם
פֶעלְד וֶועט גֶעטֵייט וֶוערֶען מִיט דֶעם
שְׁוֶוערְט, אוּנְד דֶער וָואס אִיז אִין דֶער
שְׁטָאט וֶועט פוּן הוּנְגֶער אוּנְד דֶער
פֶּעסְטִילֶענְץ פֶערְדָארְבֶּען וֶוערֶען׃
16 אָבֶּער דִיא עֶנְטְרִינֶענֶע פוּן זַייא
וֶועלֶען זֵיין וִויא דִיא טוֹיבֶּען אוֹיף דִיא
בֶּערְג אוּנְד דִיא טְהֶעלֶער, אַלֶע וֶועלֶען
בְּרוּמֶען, אִיטְלִיכֶער וֶועגֶען זֵיינֶע זִינְד׃
17 אַלֶע הֶענְד וֶועלֶען שְׁלַאף וֶוערֶען,
אוּנְד אַלֶע קְנִיעֶן וֶועלֶען צוּגֵיין וִויא
וַואסֶער׃
18 אוּנְד זַייא וֶועלֶען זִיךְ אָנְגַארְטֶעלְן
מִיט זֶעק, אוּנְד אַ שְׁרֶעקֶענִיס וֶועט
זַייא בֶּעדֶעקֶען, אוּנְד אוֹיף אִיטְלִיכֶען
פָּנִים וֶועט זֵיין אַ בּוּשָׁה, אוּנְד אוֹיף
אַלֶע זֵיירֶע קֶעפּ וֶועט זֵיין אַ קָאלְהֵייט׃
19 זַייא וֶועלֶען זֵייעֶר זִילְבֶּער אוֹיף
דֶער גַאס אַרוֹיסְוַוארְפֶען, אוּנְד זֵייעֶר

גאָלד װעט אומרײן װערען, זײער
זילבער אונד זײער גאָלד װעט זײא
ניט קענען מציל זײן אין דעם טאָג
פון גאָט'ס גרימצאָרן, זײערע לײבער
װעלען זײא ניט זעטיגען, אונד זײערע
געדערם װעלען זײא ניט אָנפּילען,
װאָרין זײערע זינד איז געװעזען זײערע
שטרױכלונג:
20 אונד דיא שײנהײט פון זײנע
צירונג האָט ער געמאַכט צו זײנע
מאַיעסטעט, אָבער זײא האָבען דאַרױס
געמאַכט דיא געצענבילדער פון זײערע
אומװערדיגקײטען, דאַריבער האָב איך
עס צו זײא אַהינגעגעבען צור פערר-
אונרײניגונג:
21 אונד איך װעל עס איבערענטפערן
אין דיא הענד פון פרעמדע צו זאַק-
רױב, אונד צו דיא רשעים פון דעם
לאַנד עס צו רױבען אונד עס מחלל
צו זײן:
22 איך װעל מײן פּנים פון זײא
אָװעקטהון װײל זײא האָבען מחלל
געװעזען מײן פערבאָרגענעם אָרט,
װאָרין רײבערס װעלען דאַרין אַרײנ-
קומען אונד זײא װעלען עס מחלל
זײן:
23 מאַך אַ קײט, װאָרין דאָס לאַנד
איז פול מיט בלוטשולדיגע, אונד דיא
שטאָט איז פול מיט רױבערײא:
24 דאַריבער װעל איך ברענגען דיא
שלעכטסטע הײדען אונד זײא װעלען
זײערע הײזער ירשנ'ן אונד איך װעל
פערשטערען דיא שטאָלצהײט פון דיא
שטאַרקע, אונד זײערע הײליגע ערטער
װעלען זײא ירשנ'ן:
25 אַ צערשטערונג קומט אָן, אונד
זײא װעלען זוכען שלום אָבער עס
װעט ניט זײן:
26 אײן אונגליק װעט איבער דאָס
אַנדערע אונגליק קומען, אונד אײנע
(שלעכטע) הערונג װעט זײן איבער
דיא אַנדערע, אונד זײא װעלען זוכען
אײן נבואה פון דעם נביא, אונד דיא
תורה װעט פערלױרען װערען פון דעם
כהן, אונד דיא עצה פון דיא זקנים:
27 דער מלך װעט טרױערן, אונד
דער נשיא װעט זיך אָנקלײדען מיט
פערװיסטונג, אונד דיא הענד פון דעם
פאָלק פון דעם לאַנד װעלען דערר-
שראָקען װערען, איך װעל צו זײא
טהון נאָך זײערע אײגענע װעגען, אונד
נאָך זײערע משפטים װעל איך זײא
משפט'ן, אונד זײא זאָלען װיסען דאָס
איך בין יהוה:

## קאַפּיטעל ח

1 אונד עס איז געװעזען אין דעם
זעכסטען יאָהר, אין דעם זעכסטען
חודש, אין דעם פינפטען טאָג פון דעם
חודש, װען איך בין געזעסען אין מײן
הױז, אונד דיא עלטסטע פון יהודה
זענען פאַר מיר געזעסען, אַזױ איז
דאָרטען אױף מיר געפאַלען דיא האַנד
פון דעם האַר גאָט:
2 אונד װען איך האָב געזעהען, אונד
זעה (עס איז געװעזען) אַ געשטאַלט
אַזױ װיא פון פײער, פון דעם אָנזעהען
פון זײנע לענדען אונד פון אונטען
(װאַר עס װיא) פײער, אונד פון זײנע
לענדען אונד נאָך אױבען װיא דאָס
אָנזעהען פון אַ גלאַנץ אַזױ װיא דיא
פאַרב פון בערנשטײן:
3 אונד ער האָט אױסגעשטרעקט דיא
געשטאַלט פון אַ האַנד אונד ער האָט
מיך אָנגענומען בײא דיא האָר-לאָקען

פוּן מַיין קָאפּ, אוּנְד דֶער רוּחַ הָאט
מִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען (גֶעטְרָאגֶען) צְווִישֶׁען
הִימֶעל אוּנְד עֶרד אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ
גֶעבְּרֶענְגְט נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אִין דֶער
מַרְאֶה פוּן גָאט, צוּ דֶער טִיעֶר פוּן
דֶעם אִינֶעווֵיינִיגֶען טוֹיעֶר, וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען אַן דֶער צָפוֹן־זַייט, אַוְואוּ עֶס
אִיז דָארְט גֶעזֶעסֶען אַ גֶעצֶענְבִּילְד פוּן
אֵייפֶערְזוּכְט וָואס מַאכְט אֵייפֶערְזִיכְטִיג:
4 אוּנְד זֶעה, דָארְט אִיז גֶעוֶועזֶען
דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל,
אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט וָואס אִיךְ
הָאבּ גֶעזֶעהֶען אִין דֶעם טְהָאל:
5 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
בֶּן־אָדָם, הֵייבּ נוּן אוֹיף דֵיינֶע אוֹיגֶען
אוֹיף דֶעם וֶועג נָאךְ צָפוֹן צוּ, אַזוֹי
הָאבּ אִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע אוֹיגֶען
נָאךְ צָפוֹן צוּ, אוּנְד זֶעה אַן דֶער צָפוֹן־
זַייט פוּן דֶעם טוֹיעֶר בֵּייא דֶעם מִזְבֵּחַ
אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס גֶעצֶען־בִּילְד פוּן דֶער
אֵייפֶערְזוּכְט בֵּייא דֶעם אַרֵיינְקוּמֶען:
6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
בֶּן־אָדָם זֶעהְסְט דוּא וָואס זֵייא טְהוּעֶן?
דִיא גְרוֹיסֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים וָואס
דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל טְהוּן הִיעֶר,
כְּדֵי אִיךְ זָאל מִיךְ דֶערְוֵוייטֶערְן פוּן
מַיין בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד וֶועןְ דוּא
וֶועסְט דִיךְ נָאךְ אוּמְקֶעהְרֶען אַזוֹי
וֶועסְט דוּא נָאךְ גְרֶעסֶערֶע אוּמְוֶוערְדִיגְ־
קֵייטֶען זֶעהֶען:
7 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעבְּרֶענְגְט צוּ
דֶער טִיעֶר פוּן דֶעם הוֹיף, אוּנְד וֶוען
אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, זֶעה אַזוֹי וַואר אַ
לָאךְ אִין דֶער וַואנְד:
8 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
בֶּן־אָדָם מַאךְ דָאךְ אַ לָאךְ אִין דֶער
וַואנְד, אוּנד וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעגְרָאבֶּען
אִין דֶער וַואנְד, זֶעה, אַזוֹי אִיז דָארְט
גֶעוֶועזֶען אַ טִיעֶר:
9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
קוּם אוּנְד זֶעה דִיא שְׁלֶעכְטֶע אוּמְ־
וֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים וָואס זֵייא טְהוּן דָא:
10 אוּנְד אַזוֹי בִּין אִיךְ אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה, אַלֶערְ־
לֵייא גֶעשְׁטַאלְטֶען פוּן וֶוערְם אוּנְד
בְּהֵמוֹת אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייטֶען אוּנְד אַלֶערְ־
לֵייא גֶעצֶען פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיסְגֶעקְרִיצְט
אוֹיף דֶער וַואנְד רִינְגְס אַרוּם:
11 אוּנְד זִיבֶּעצִיג מֶענֶער פוּן דִיא
עֶלְטֶעסְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל,—אוּנְד יַאֲזַנְיָהוּ
בֶּן־שָׁפָן אִיז גֶעשְׁטַאנֶען צְווִישֶׁען זֵייא,—
זֵייא זֶענֶען פַאר זֵייא גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
אִיטְלִיכֶער הָאט גֶעהַאט זַיין רֵייכֶערְוֶוערְק
אִין זֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד אַ רוֹיךְ־וָואלְקֶען
אִיז דַאפוּן אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען:
12 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
בֶּן־אָדָם הָאסְט דוּא גֶעזֶעהֶען וָואס דִיא
עֶלְטֶסְטֶע פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל טְהוּעֶן אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס,
אִיטְלִיכֶער אִין דֶעם חֶדֶר פוּן זֵיינֶע
בִּילְדֶער? וָוארִין זֵייא זָאגֶען אַז יְהוָֹה
זֶעהְט אוּנְס נִיט, (וָוארִין) יְהוָֹה הָאט
דָאס לַאנְד פֶערְלָאזֶען:
13 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
קֶעהְר דִיךְ נָאכְאַמָאל אוּם אַזוֹי וֶועסְט
דוּא זֶעהֶען גְרֶעסֶערֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייטֶען
וָואס זֵייא טְהוּעֶן:
14 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט
צוּ דֶער טִיעֶר פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן
גָאט'ס הוֹיז וָואס אִיז אוֹיף דֶער צָפוֹן־
זַייט, אוּנְד זֶעה, דָארְט זֶענֶען גֶעזֶעסֶען
ווַייבֶּער וָואס הָאבֶּען בֶּעווֵיינְט דֶעם
(אָפְּגָאט) תַּמּוּז:

אוּנד

15 אונד ער האט צו מיר געזאגט, האסט דוא דאס געזעהען, א בן־אדם! קעהר דיך נאכאמאל אום אזוי וועסט דוא נאך זעהען גרעסערע אומווערדיגקייטען וויא דיא דאזיגע:

16 אונד ער האט מיך אריינגעבּרענגט אין דעם אינעווייניגסטען הויף פון דעם הויז פון גאט, אונד זעה, בּייא דער טיער פון דעם היכל פון גאט, צווישען דעם פאליש אונד דעם מזבּח, (זענען געשטאנען) אן ערך פון פינף אונד צוואנציג מאן, מיט זייער ריקען צו גאט'ס היכל, אונד זייערע פּענעמער צו מזרח־זייט, אונד זייא האבּען זיך געבּיקט צו מזרח־זייט צו דער זון:

17 אונד ער האט צו מיר געזאגט, בּן־אדם, האסט דוא געזעהען, איז דאס גרינג פאר דעם הויזגעזינד פון יהודה אז זייא טהוען זאלכע אומווערדיגקייטען וואס זייא טהוען דא? ווארין זייא האבּען אנגעפילט דאס לאנד מיט רויבּערייא, אונד זייא האבּען זיך אומגעקעהרט מיך צו דערצארנען, אונד זעה, זייא האלטען נאך דיא צווייג בּייא זייערע נאז:

18 דאריבּער וועל איך אויך מיט זייא האנדעלן מיט גרימצארן, מיין אויג וועט ניט פערשוינען, אונד איך וועל מיך ניט דערבּארמען אונד חאטשע זייא וועלען אין מיינע אויערן רופען מיט א גרויס קול וועל איך זייא דאך ניט דערהערען:

קפּיטעל ט

1 אונד ער האט גערופען אין מיינע אויערן מיט א גרויס קול, אזוי צו זאגען, מאכט גענעהענען דיא בּעפעהלערס פון דער שטאט, איטליכער מיט זיין פערדארבּ כּלי אין זיינער האנד:

2 אונד זעה, זעקס מענער זענען געקומען פון דעם וועג פון דעם אויבּערשטען טויער, וואס קעהרט זיך צו צפון־זייט, אונד איטליכער האט געהאט א כּלי וואס צובּרעכט אין זיינע האנד, אונד איין מאן צווישען זייא איז געוועזען אנגעקליידעט אין ליינענוואנד, אונד א סופר'ס טינט־פאס (אדער טאוועל) אויף זיינע לענדען, אונד זייא זענען געקומען אונד זייא האבּען זיך אנידערגעשטעלט נעבּען דעם קופּערנעם מזבּח:

3 אונד דער כּבוד פון דעם גאט פון ישראל איז ארויפגעגאנגען פון איבּער דעם כּרוב וואס ער איז אויף איהם געוועזען צו דער שוועל פון דעם הויז, אונד ער האט גערופען צו דעם מאן וואס איז געוועזען אנגעקלייט אין דיא ליינענע קליידער, וואס האט געהאט א סופר'ס טינט־פאס אויף זיינע לענדען:

4 אונד יהוה האט צו איהם געזאגט, גייא דורך דיא שטאט אין מיטען פון ירושלים, אונד דוא זאלסט אנצייכענען א ת אויף דיא שטערן פון דיא מענער וואס זייפצען אונד קלאגען וועגען אלע דיא אומווערדיגע מעשים וואס ווערען געטהון אין איהר:

5 אונד צו דיא אנדערע האט ער געזאגט אין מיינע הערונג, גייט דורך אין דיא שטאט הינטער איהם, אונד שלאגט, אייערע אויגען זאלען ניט פערשוינען, אונד איהר זאלט אייך אויך ניט דערבּארמען:

6 איהר זאלט הרג'ן אלט אונד יונג, אונד דיא בּתולה אונד קליינע

קִינְדֶער אוּנְד וַוייבֶּער זַייא גַאנְץ צוּ
פֶערְדַארְבֶּען, אָבֶּער אוֹיף אִיטְלִיכֶען
מַאן אוֹיף וֶועמֶען עֶס אִיז דֶער צֵייכֶען
פוּן אַ ת זָאלְט אִיהְר אַייךְ נִיט גֶער
נֶעהֶנֶען, אוּנְד הֵייבְּט אָן פוּן מֵיין
מִקְדָשׁ; אוּנְד זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען
אָן דִיא אַלְטֶע מֶענֶער וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען פַאר דֶעם הוֹיז (בֵּית הַמִקְדָשׁ):
7 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
מַאכְט דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ טָמֵא, אוּנְד
פִילְט אָן דִיא פָארְהוֹיף מִיט דִיא דֶערְ־
שְׁלָאגֶענֶע, גֵייט אַרוֹיס, אוּנְד זַייא
זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעשְׁלָאגֶען אִין דִיא שְׁטָאט:
8 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען זַייא
הָאבֶּען זַייא גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד אִיךְ בִּין
(אַלֵיין) אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, אַזוֹי בִּין אִיךְ
גֶעפַאלֶען אוֹיף מֵיין פָּנִים אוּנְד אִיךְ
הָאבּ גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, אוֹי,
הַאר גָאט! ווִילְסְט דוּא דֶען פֶערְדַארְ־
בֶּען דִיא גַאנְצֶע אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג פוּן
יִשְׂרָאֵל אַז דוּא גִיסְט אוֹיס דֵיין
גְרִימְצָארְן אִיבֶּער יְרוּשָׁלַיִם?
9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
דִיא זִינְד פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל אוּנְד יְהוּדָה אִיז זֶעהְר גְרוֹיס,
אוּנְד דָאס לַאנְד אִיז פוּל מִיט בְּלוּט־
שׁוּלְד, אוּנְד דִיא שְׁטָאט אִיז פוּל מִיט
אָפְּנֵייגוּנְג פוּן מִשְׁפָּט, וָוארִין זַייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, גָאט הָאט פֶערְלָאזֶען דָאס
לַאנְד, אוּנְד גָאט זֶעהְט עֶס נִיט:
10 אוּנְד אוֹיךְ אִיךְ־מֵיין אוֹיג וֶועט
נִיט פֶערְשׁוֹינֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ
אוֹיךְ נִיט דֶערְבַּארְמֶען, אִיךְ הָאבּ אוֹיף
זֵייעֶר קָאפּ בֶּעצָאלְט פַאר זֵייעֶר וֶועג!
11 זֶעה, דֶער מַאן וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
אָנְגֶעקְלֵייט מִיט לֵיינֶען אוּנְד וָואס הָאט
גֶעהַאט דָאס טִינְט־פַאס אוֹיף זֵיינֶע
לֶענְדֶען הָאט גֶעגֶעבֶּען עֶנְטְפֶער, אוּנְד
גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא
דוּא הָאסְט מִיר גֶעבָּאטֶען:

קאפיטעל י

1 וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעקוּקְט, זֶעה, אוֹיף
דֶעם הִימֶעל וָואס אִיז אִיבֶּער דֶעם
קָאפּ פוּן דִיא כְּרוּבִים אִיז גֶעוֶועזֶען
אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ סַפִּיר־
שְׁטֵיין, דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ טְרוֹין־שְׁטוּל
אִיז אוֹיף זַייא גֶעזֶעהֶען גֶעוֶועזֶען:
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מַאן אָנְגֶעקְלֵייט מִיט לֵיינֶען, קוּם אַרֵיין
צְוִוישֶׁען דִיא רֶעדֶער וָואס זֶענֶען הִינְטֶער
דֶעם כְּרוּב, אוּנְד פִיל אָן דֵיינֶע הַאנְד
מִיט פֵייעֶרְקוֹילֶען פוּן צְוִוישֶׁען דִיא
כְּרוּבִים, אוּנְד שְׁפְּרִינְקֶעל זַייא אִיבֶּער
דֶער שְׁטָאט, אוּנְד עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
פַאר מֵיינֶע אוֹיגֶען:
3 אוּנְד דִיא כְּרוּבִים זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען
אוֹיף דֶער רֶעכְטֶע זַייט פוּן דֶעם הוֹיז
וֶוען דֶער מַאן אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד
דֶער וָואלְקֶען הָאט פוּל גֶעמַאכְט דֶעם
אִינֶעוֵוייניגְסְטֶען הוֹיף:
4 אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן יְהֹוָה הָאט זִיךְ
דֶערְהוֹיבֶּען פוּן אִיבֶּער דֶעם כְּרוּב
אִיבֶּער דִיא שְׁוֶועל פוּן דֶעם הוֹיז, אוּנְד
דָאס הוֹיז אִיז גֶעוָוארֶען פוּל פוּן דֶעם
וָואלְקֶען, אוּנְד דֶער הוֹיף אִיז גֶעוֶועזֶען
פוּל מִיט גְלַאנְץ פוּן דֶעם כָּבוֹד פוּן
יְהֹוָה:
5 אוּנְד דָאס קוֹל פוּן דִיא פְלִיגֶעל פוּן
דִיא כְּרוּבִים אִיז גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען בִּיז
צוּ דֶעם אוֹיסֶענְוֵוייניגְסְטֶען הוֹיף, אַזוֹי
וִויא דָאס קוֹל פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען
וֶוען עֶר רֶעט:
6 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען עֶר
האט

הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מַאן וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעקְלֵייט מִיט לֵיינֶען אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, נֶעם פֵייעֶר פוּן צְווִישֶׁען דִיא
רֶעדֶער, אוּנְד פוּן צְווִישֶׁען דִיא כְּרוּבִים,
אַזוֹי אִיז עֶר אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט נֶעבֶּען דִיא רֶעדֶער:
7 אוּנְד דֶער כְּרוּב הָאט אוֹיסְגֶע־
שְׁטְרֶעקְט זַיינֶע הַאנְד פוּן צְווִישֶׁען דִיא
כְּרוּבִים צוּ דֶעם פֵייעֶר וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען צְווִישֶׁען דִיא כְּרוּבִים, אוּנְד
עֶר הָאט דֶערְפוּן אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד
עֶר הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען אִין דֶער הַאנְד
פוּן דֶעם וָואס וַואר אָנְגֶעקְלֵייט מִיט
לֵיינֶען, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶענוּמֶען
אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען:
8 אוּנְד עֶס אִיז בֶּעווִיזֶען גֶעוָוארֶען צוּ
דִיא כְּרוּבִים דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן
אַ מֶענְשֶׁען'ס הַאנְד הִינְטֶער זֵייעֶרֶע
פְלִיגֶעלְן:
9 אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעקוּקְט, זֶעה
פִיעֶר אוֹפַנִּים נֶעבֶּען דִיא כְּרוּבִים, אֵיין
אוֹפַן נֶעבֶּען אֵיין כְּרוּב, אוּנְד אֵיין
אַנְדֶערֶער אוֹפַן נֶעבֶּען אֵיין אַנְדֶערְן
כְּרוּב, אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דִיא
אוֹפַנִּים אִיז גֶעוֶועזֶען וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט
פוּן אַ תַּרְשִׁישׁ־שְׁטֵיין:
10 אוּנְד אַלֶע פִיעֶר הָאבֶּען גֶעהַאט
אֵיינֶערְלֵייא גֶעשְׁטַאלְט, גְלֵייךְ וִויא אֵיין
(רָאד) אוֹפַן אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער
מִיטֶען פוּן דֶעם אַנְדֶערְן אוֹפַן:
11 אוּנְד אִין זֵייעֶר גֵיין זֶענֶען זֵייא
גֶעגַאנְגֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע פִיעֶר זֵייטֶען,
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט אוּמְגֶעקֶעהְרְט אִין
זֵייעֶר גֵיין, נֵייעֶרְט צוּ דֶעם אָרְט וָואו
דֶער רָאשׁ הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט אִיהְם
זֶענֶען זֵייא נָאכְגֶעגַאנְגֶען, זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ נִיט אוּמְגֶעקֶעהְרְט אִין זֵייעֶר גֵיין:
12 אוּנְד אַלֶע זֵייעֶרֶע לֵייבֶּער, אוּנְד
זֵייעֶרֶע רִיקֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע הֶענְד אוּנְד
זֵייעֶרֶע פְלִיגֶעלְן, אוּנְד דִיא אוֹפַנִּים זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען פוּל מִיט אוֹיגֶען רִינְגְס אַרוּם
צוּ אַלֶע פִיעֶר (רֶעדֶער) אוֹפַנִּים:
13 דִיא אוֹפַנִּים זֶענֶען גֶערוּפֶען גֶע־
וָוארֶען אִין מַיינֶע אוֹירֶען, אוֹי גַלְגַּל!
14 אוּנְד אִיטְלִיכֶער הָאט גֶעהַאט פִיעֶר
פֶּענֶעמֶער, אֵיין פָּנִים אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס
פָּנִים פוּן אַ כְּרוּב, אוּנְד דָאס אַנְדֶערֶע
וִויא אַ פָּנִים פוּן אַ מֶענְשׁ, דָאס
דְרִיטֶע וִויא אַ פָּנִים פוּן אַ לֵייבּ, אוּנְד
דָאס פִיעֶרְטֶע וִויא דָאס פָּנִים פוּן אֵיין
אָדְלֶער:
15 אוּנְד דִיא כְּרוּבִים הָאבֶּען זִיךְ
דֶערְהוֹיבֶּען, דָאס אִיז דִיא חַיָּה וָואס
אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען בֵּייא דֶעם טַייךְ
כְּבָר:
16 אוּנְד וֶוען דִיא כְּרוּבִים זֶענֶען
גֶעגַאנְגֶען אַזוֹי זֶענֶען דִיא אוֹפַנִּים דֶער־
נֶעבֶּען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד וֶוען דִיא כְּרוּבִים
הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶרֶע פְלִיגֶעלְן אוּם
זִיךְ צוּ דֶערְהֵייבֶּען פוּן דֶער עֶרְד אַזוֹי
הָאבֶּען זִיךְ דִיא אוֹפַנִּים אוֹיךְ נִיט פוּן זֵייא
אוּמְגֶעדְרֵייט:
17 וֶוען דִיזֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אַזוֹי
הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ יֶענֶע אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט,
אוּנְד וֶוען דִיזֶע הָאבֶּען זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען
אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא אַנְדֶערֶע אוֹיךְ
דֶערְהוֹיבֶּען, וַוייל דֶער רוּחַ פוּן דֶער
חַיָּה אִיז אִין זֵייא:
18 אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן גָאט אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן אִיבֶּער דֶער שְׁוֶועל
פוּן דֶעם הוֹיז, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט
אוֹיף דִיא כְּרוּבִים:
19 אוּנְד דִיא כְּרוּבִים הָאבֶּען אוֹיפְ־
גֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶרֶע פְלִיגֶעלְן, אוּנְד הָאבֶּען

זיך

זיך דערהויבּן פון דער ערד פאַר
מיינע אויגען, ווען זיי זענען אַרויס־
געגאַנגען אַזוי וואָרען די אופנים אויך
נעבּן זיי, און ער האָט זיך געשטעלט
בּיי דער טיר פון דעם טויער פון
גאָט'ס הויז (וואָס איז) אין דער מזרח־
זייט, און דער כּבוד פון דעם גאָט
פון ישׂראל איז איבּער זיי געווען
פון אויבּען:
20 דאָס איז די חיה וואָס איך האָבּ
געזעהן הינטער דעם גאָט פון ישׂראל
בּיי דעם טייך כּבר, און איך האָבּ
געוואוסט אַז זיי זענען די כּרובים:
21 איטליכער האָט געהאַט פיער
פּענעמער, און איטליכער פיער
פליגעלן, און די געשטאַלט פון
מענשענ'ס הענד איז געווען אונטער
זייערע פליגעלן:
22 און די געשטאַלט פון זייערע
פּענעמער איז געווען דאָס אייגענע
וואָס איך האָבּ געזעהן בּיי דעם
טייך כּבר, דאָס איז זייער געשטאַלט
און זיי אַליין, זיי זענען איטליכער
גראָד געגאַנגען:

קאַפּיטעל יא

1 און דער רוח האָט מיך אויפגע־
הויבּען און ער האָט מיך געבּרענגט
צו דעם מזרח־טויער פון גאָט'ס הויז,
וואָס קעהרט זיך קעגען מזרח־זייט,
און זעה, בּיי דער טיר פון דעם
טויער זענען געווען פינף און
צוואַנציג מענער, און איך האָבּ
צווישען זיי געזעהן דעם יאזניה בּן
עזר, און דעם פלטיהו בּן בּניהו די
פערשטען פון דעם פאָלק:
2 און ער האָט צו מיר געזאָגט,
בּן־אדם, דיזע מענער טראַכטען אומ־
רעכט און האַלטען שלעכטע עצות
אין דער דאָזיגער שטאָט:
3 וואָס זאָגען, עס איז ניט נאָהענט,
לאָמיר בּויען הייזער, זיא איז דער
טאָפּ און מיר זענען דאָס פלייש:
4 דאַרום זאָג נבואות איבּער זיי,
זאָג נבואות דו בּן־אדם:
5 און דער רוח הקדש פון גאָט איז
אויף מיר געפאַלען און ער האָט צו
מיר געזאָגט, זאָג, אַזוי זאָגט יהוה,
אַזוי האָט איהר געזאָגט, איהר בּית
ישׂראל, איך ווייס וואָס קומט אַרויף
אין אייער זין:
6 איהר האָט פערמעהרט אייערע דער־
שלאָגענע אין דער דאָזיגער שטאָט,
און איהר האָט פול געמאַכט די
גאַסען מיט דערשלאָגענע:
7 דאַרום, אַזוי זאָגט דער האַר גאָט,
אייערע דערשלאָגענע וואָס איהר האָט
זיי געטהון אין דער מיטען, זיי
זענען דאָס פלייש, און זיא (די
שטאָט) איז דער טאָפּ, אָבּער איך
וועל אייך אַרויסבּרענגען פון צווישען
איהר:
8 איהר האָט מורא געהאַט פאַר
דעם שווערד, און איך וועל איבּער
אייך בּרענגען אַ שווערד, זאָגט דער
האַר גאָט:
9 און איך וועל אייך אַרויסבּרענגען
פון איהר, און איך וועל אייך איבּער־
ענטפערן אין די האַנד פון פרעמדע,
און איך וועל אונטער אייך טהון
דינים (פון פורעניות):
10 איהר וועט פאַלען דורך דעם
שווערד, אין דער גרענעץ פון ישׂראל
וועל איך אייך משפּט'ן, און איהר
וועט וויסען אַז איך בּין יהוה:

11 דיא שטאט וועט ניט זיין צו אייך
דער טאפ, אונד איהר וועט (ניט) זיין
אין דער מיטען פאר פלייש, אבער איך
וועל אייך משפט'ן אין דער גרענעץ
פון ישראל׃
12 אונד איהר זאלט וויסען אז איך
בין יהוה, ווייל איהר זענט ניט
געגאנגען אין מיינע געזעץ אונד מיינע
משפטים האט איהר ניט געטהון,
נייערט איהר האט געטהון אזוי וויא
דיא משפטים פון דיא גוים וואס זענען
ארינגס ארום אום אייך׃
13 אונד עס איז געוועזען, ווען איך
האב נביאות געזאגט, אזוי איז פלטיהו בן
בניה געשטארבען. אונד איך בין גע־
פאלען אויף מיין פנים אונד איך האב
געשריגען מיט א גרויס קול, אונד
האב געזאגט, אוי האר גאט! ווילסט
דו דען אים גאנצען פערלענדען דיא
איבערבלייבונג פון ישראל?
14 אונד דאס ווארט פון גאט איז (נאכ־
אמאל) צו מיר געוועזען, אזוי צו זאגען׃
15 בן־אדם, דיינע ברידער, יוא דיינע
ברידער, דיא מענער דיינע קרובים,
אונד גאר דאס גאנצע הויזגעזינד פון
ישראל, (זייא זענען דיא) צו וועמען
דיא בעוואוינער פון ירושלים האבען
געזאגט, דערווייטערט אייך פון גאט,
ווארין צו אונס איז דאס לאנד געגע־
בען געווארען פאר א ירושה׃
16 דארום זאג, אזוי זאגט דער האר
גאט, כאטשע איך האב זייא דערוויי־
טערט אונטער דיא גוים, אונד כאטשע
איך האב זייא פערשפרייט אין דיא
לענדער, דאך וועל איך צו זייא זיין
פאר א קליין מקדש אין דיא לענדער
אוואו זייא וועלען דארט אהינקומען׃

17 דארום זאג, אזוי זאגט דער האר
גאט, איך וועל אייך איינזאמעלן פון
דיא פעלקער אונד איך וועל אייך
פערזאמעלן פון דיא לענדער וואו
איהר זענט אין זייא צושפרייט, אונד
איך וועל צו אייך געבען ארץ ישראל׃
18 אונד זייא וועלען דארט אהינקומען,
אונד זייא וועלען דערפון אפטהון אלע
אומווערדיגקייטען אונד אלע איהרע
תועבות׃
19 אונד איך וועל צו זייא געבען
איין הארץ, אונד א נייען גייסט וועל
איך זייא געבען, אונד איך וועל פון
זייער פלייש אפטהון דאס שטיינערנע
הארץ, אונד איך וועל צו זייא געבען
א פליישערנעס הארץ׃
20 כדי זייא זאלען גיין אין מיינע
געזעץ, אונד זייא זאלען היטען מיינע
משפטים, אונד זאלען זייא טהון; אונד
זייא זאלען צו מיר זיין א פאלק אונד
איך וועל צו זייא זיין א גאט׃
21 אבער דאס הארץ פון זאלכע
וואס גייען נאך דיא אומווערדיגע
אונד מיאוסע מעשים פון זייערע
הארצער, איך וועל אויף זייער קאפ
בעצאלען פאר זייער וועג, זאגט דער
האר גאט׃
22 אונד דיא כרובים האבען אויפגע־
הויבען זייערע פליגעלן אונד (אויך)
דיא אופנים ענטקעגען זייא, אונד דער
כבוד פון דעם גאט פון ישראל איז
אויף זייא געוועזען פון אויבען׃
23 אונד דער כבוד פון יהוה איז
ארויפגעגאנגען פון צווישען דער שטאט,
אונד האט זיך געשטעלט אויף דעם
בארג, וואס איז פון מזרח־זייט פון
דער שטאט׃

24 אונד דער רוח הקודש האט מיך
אויפגעהויבען, אונד האט מיך גע־
בראכט נאך כשדים צו די פון גלות,
אין דער זעהונג דורך דעם רוח פון
גאט, אונד אזוי איז די זעהונג וואס
איך האב געזעהען פון מיר ארופ־
געגאנגען:
25 אונד אזוי האב איך גערעט מיט
די פון גלות אלע רייד פון גאט
וואס ער האט מיר געוויזען:

קאפיטעל יב

1 אונד דאס ווארט פון גאט איז
(אויך) צו מיר געוועזען, אזוי צו
זאגען:
2 בן־אדם, דו וואוינסט צווישען א
ווידערשפעניגעם הויזגעזינד, וואס האַ־
בען אויגען צו זעהען אבער זייא
זעהען ניט, אויערען צו הערען אבער
זייא הערען ניט, ווייל זייא זענען א
ווידערשפעניגעם הויזגעזינד:
3 אבער דו בן־אדם, מאך דיר
גלות כלים, אונד וואנדער אוועק בייא
טאג פאר זייערע אויגען, דו זאלסט
אוועקוואנדערן פון דיין ארט צו איין
אנדערן ארט פאר זייערע אויגען,
טאמער וועלען זייא עס איינזעהען,
וואָרין זייא זענען א ווידערשפעניג
הויזגעזינד:
4 אונד דו זאלסט ארויסברענגען
דיינע כלים אזוי וויא די כלים פון
א וועקוואנדערער בייא טאג פאר זייערע
אויגען, אבער דו זאלסט ארויסגיין
בייא נאכט פאר זייערע אויגען אזוי
וויא איינער גייט ארויס אין גלות
5 פאר זייערע אויגען גראב דיר אויס
א לאך אין (דיינע) וואנד אונד דורך
דעם זאלסט דו ארויסגיין:
6 פאר זייערע אויגען זאלסט דו
טראגען (דיינע כלים) אויף דיינע
אקסעל, ווען עס ווערט פינסטער
זאלסט דו ארויסגיין, דו זאלסט
צודעקען דיין פנים אז דו זאלסט
ניט זעהען דאס לאנד, וואָרין איך
האב דיך געגעבען פאר א צייכען צו
דעם הויז ישראל:
7 אונד איך האב געטהון אזוי וויא
עס איז מיר געבאָטען געוואָרען, איך
האב ארויסגעבראכט מיינע כלים
בייא טאג אזוי וויא די גלות כלים,
אונד אויף דער נאכט האב איך מיר
אויסגעגראבען א לאך אין די וואנד
מיט מיינע האנד, אונד אים פינסטערן
האב איך עס ארויסגעבראכט אונד
האב עס געטראגען אויף מיינע
אקסעל פאר זייערע אויגען:
8 אונד דאס ווארט פון גאט איז צו
מיר געוועזען אין דער פריה אזוי צו
זאגען:
9 בן־אדם, האט ניט דאס הויזגעזינד
פון ישראל צו דיר געזאגט—דאס
ווידערשפעניגע הויז—וואס טהוסט דו?
10 זאג צו זייא, אזוי זאגט דער האר
גאט, אויף דעם נשיא וואס איז אין
ירושלים בין איך מרמז די דאזיגע
נבואה, אונד אויף דעם גאנצען הויז־
געזינד פון ישראל וואס זענען צווישען
זייא:
11 זאג, איך בין אייער צייכען, גראד
אזוי וויא איך האב געטהון, אזוי וועט
מען צו זייא טהון, זייא וועלען גיין
אין גלות אין דער געפאנגענשאפט:
12 אונד דער נשיא וואס איז צווישען
זייא וועט עס טראגען אויף זיינע
אקסעל אין דעם פינסטערן, אונד ער

וָועט אַרױסגֵיין, אִין דֶער וַואנְד וֶועלֶען
זַייא אױסגְרָאבֶּען אַ לָאךְ דוּרְךְ דֶעם
אַרױסְצוּבְּרֶענְגֶען, עֶר וֶועט זַיין פָּנִים
צוּדֶעקֶען, כְּדֵי עֶר זָאל נִיט זֶעהֶען מִיט
דִיא אױגֶען דָאס לַאנְד:
13 אוּנְד אִיךְ וֶועל אױסשְׁפְּרֵייטֶען מֵיין
נֶעץ אױף אִיהם, אוּנְד עֶר וֶועט גֶע־
חַאפְּט וֶוערֶען אִין מֵיין נֶעץ, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אִיהם בְּרֶענְגֶען נָאךְ בָּבֶל, צוּ
דֶעם לַאנְד פוּן דִיא כַּשְׂדִים, דָאךְ זָאל
עֶר עֶס נִיט זֶעהֶען, אוּנְד דָארְט וֶועט
עֶר שְׁטַארְבֶּען:
14 אוּנְד אַלֶע וָואס זֶענֶען אַרוּם אִיהם
אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע חַיָלוֹת אִיהם צוּ
הֶעלְפֶען וֶועל אִיךְ פֶערשְׁפְּרֵייטֶען צוּ
אַלֶע ווִינְדֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אױסְצִיהֶען
אַ שְׁוֶוערְד נָאךְ זַייא:
15 אוּנְד זַייא זָאלֶען ווִיסֶען אַז אִיךְ
בִּין יְהֹוָה, וֶוען אִיךְ וֶועל זַייא פֶער־
שְׁפְּרֵייטֶען אוּנְטֶער דִיא גוֹיִם אוּנְד
זַייא צוּשְׁטְרֵייעֶן אִין דִיא לֶענְדֶער:
16 אָבֶּער אִיךְ וֶועל פוּן זַייא אִיבֶּערְ־
לָאזֶען עֶטְלִיכֶע ווֵיינִיגֶע לֵייט, פוּן דֶעם
שְׁוֶוערְד, פוּן דֶעם הוּנְגֶער אוּנְד פוּן
דֶער פֶּעסְטִילֶענְץ, כְּדֵי זַייא זָאלֶען
דֶערְצֵיילֶען אַלֶע זַייעֶרֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע
מַעֲשִׂים אוּנְטֶער דִיא גוֹיִם אַהִין זַייא
וֶועלֶען דָארְט אַהִינְקוּמֶען, אוּנְד זַייא
וֶועלֶען ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה:
17 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז
גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
18 בֶּן־אָדָם, דוּא זָאלְסְט עֶסֶען דֵיין
בְּרוֹיט מִיט צִיטֶערְנִישׂ, אוּנְד מִיט
צִיטֶערְן אוּנְד זָארְג זָאלְסְט דוּא דֵיין
וַואסֶער טְרִינְקֶען:
19 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ דֶעם
פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד, אַזוֹי הָאט דֶער
הַאר גָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא בֶּעווָאוינֶער
פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל,
זַייא וֶועלֶען עֶסֶען זַייעֶר בְּרוֹיט מִיט
זָארְג אוּנְד זַייא וֶועלֶען טְרִינְקֶען זַייעֶר
וַואסֶער מִיט פֶערְוָואוּנְדֶערוּנְג (אָדֶער
פֶערְווִיסְטוּנְג) כְּדֵי דָאס לַאנְד זָאל
ווִיסְט וֶוערֶען פוּן וֶועגֶען דֶער פוּלְהַייט
פוּן דִיא רוֹיבֶּערַייא פוּן אַלֶע וָואס
וָואוינֶען דַארִין:
20 אוּנְד דִיא בֶּעוָואוינְטֶע שְׁטֶעט
וֶועלֶען חָרוּב וֶוערֶען, אוּנְד דָאס לַאנְד
זָאל ווִיסְט וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט
ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה:
21 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז
(ווִידֶער) צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען אַזוֹי צוּ
זָאגֶען:
22 בֶּן־אָדָם, וָואס אִיז דָאס דָאזִיגֶע
מָשָׁל וָואס אִיהְר הָאט אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דִיא טֶעג וֶועלֶען דֶערְ־
לֶענְגֶערְט וֶוערֶען, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע
נְבוּאָה וֶועט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען:
23 דַארוּם זָאלְסְט דוּא צוּ זַייא זָאגֶען,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִיךְ וֶועל
לָאזֶען אוֹיפְהֶערֶען דָאס דָאזִיגֶע מָשָׁל,
אוּנְד זַייא וֶועלֶען נִיט מֶעהְר זָאגֶען
דָאס מָשָׁל אִין יִשְׂרָאֵל, נֵייעֶרְט זָאג צוּ
זַייא, אַז דִיא טֶעג זֶענֶען נָאהֶענְט אוּנְד
דִיא רֵייד פוּן אִיטְלִיכֶע נְבוּאָה:
24 ווָארִין עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר זַיין
קֵיין שׁוּם פַאלְשֶׁע נְבִיאוּת אוּנְד קֵיין
כִּישׁוּף פוּן חֲנִיפָה צְווִישֶׁען דֶעם הוֹיז־
גֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל:
25 ווָארִין אִיךְ בִּין יְהֹוָה, אִיךְ וֶועל
רֶעדֶען, אוּנְד דָאס וָוארְט וָואס אִיךְ
וֶועל רֶעדֶען וֶועט אוֹיךְ אָנְקוּמֶען, עֶס
וֶועט נִיט אוֹיפְגֶעשׁוֹיבֶּען (אָדֶער פֶערְ־
צוֹיגֶען) וֶוערֶען, ווָארִין אִין אֵייעֶרֶע טֶעג,

איהר ווידערשפעניגעס הויז וועל איך
דאס ווארט רעדען, אונד איך וועל
עס טהון, זאגט דער האר גאט:
26 אונד דאס ווארט פון גאט איז
(ווידער) צו מיר געוועזען אזוי צו
זאגען:
27 בן־אדם, זעה דאס הויזגעזינד פון
ישראל זאגען דאס דיא נביאות וואס
(דער נביא) זעהט וועט ערשט זיין
נאך פילע טעג, אונד ער זאגט נביאות
אויף צייטען וואס זענען פון ווייטען:
28 דארום זאלסט דוא צו זייא זאגען,
אזוי זאגט דער האר גאט, קיינע פון
מיינע ווערטער וועלען ניט מעהר
פערצויגען ווערען, נייערט דאס ווארט
וואס איך האב גערעדט זאל געטהון
ווערען, זאגט דער האר גאט:

## קאפיטעל יג

1 אונד דאס ווארט פון יהוה איז צו
מיר געקומען, אזוי צו זאגען:
2 בן־אדם, זאג נביאות צו דיא
(פאלשע) נביאים פון ישראל וואס
זאגען נביאות, אונד דוא זאלסט זאגען
צו דיא וואס זאגען נביאות פון זייער
אייגען הארץ, הערט דאך דאס ווארט
פון גאט:
3 אזוי זאגט דער האר גאט, אוי
ווייא, צו דיא נארישע נביאים, וואס
גייען נאך נאך זייער אייגענעם ווילען,
אונד זייא האבען גארניט געזעהען:
4 אוי ישראל! דיינע נביאים זענען
וויא פוקסען אין דיא חורבות:
5 איהר זענט ניט ארויפגעגאנגען אין
דיא ברעך אונד איהר האט ניט
פערצוימט דעם צוים פאר דעם הויז־
געזינד פון ישראל כדי זייא זאלען
קענען בעשטיין אין דער מלחמה אין
דעם טאג פון יהוה:
6 זייא זאגען פאלשע נביאות אונד
מאכען כישוף מיט ליגען, זייא זאגען,
אזוי זאגט יהוה, אבער גאט האט זייא
ניט געשיקט, אונד זייא מאכען זייא
האפען אז זייער ווארט זאל מקוים
ווערען:
7 האט איהר ניט געזעהען פאלשע
נביאות, אונד איהר האט געזאגט א
כישוף ליגען, ווען איהר האט געזאגט,
אזוי זאגט יהוה, אבער איך האב ניט
גערעדט?
8 דארום, אזוי זאגט דער האר גאט,
ווייל איהר רעדט פאלש אונד זאגט
נביאות ליגען, דארום, זעה איך בין
קעגען אייך, זאגט דער האר גאט:
9 אונד מיינע האנד וועט זיין אויף
דיא נביאים וואס זעהען פאלשקייט
אונד מאכען כישוף מיט ליגען, זייא
זאלען ניט זיין אין דער עצה פון מיין
פאלק, אונד זייא זאלען ניט איינגע־
שריבען ווערען אין דער איינשרייבונג
פון דעם הויזגעזינד פון ישראל, אונד
נאך ארץ ישראל זאלען זייא ניט
קומען, אונד איהר זאלט וויסען דאס
איך בין דער האר גאט:
10 דארום ווייל זייא האבען מיין
פאלק פערפיהרט אונד געזאגט שלום,
אונד עס איז קיין שלום, אונד איינער
בויעט אויף א וואנד, אונד זעה איין
אנדערער בעשמירט זיא מיט אומ־
געמישטען קאלך:
11 אונד זאג צו דעם וואס בעשמירט
מיט אומגעמישטען קאלך—אז עס וועט
ארונטער פאלען; עס וועט זיין א
פערפלייצטער רעגען, אונד איך וועל
געבען האגעלשטיינער, זייא וועלען

פאלען

פַאלֶען, אוּנְד אַ שְׁטוּרְמְווִינְד וֶועט
צוּשְׁפַּאלְטֶען:
12 אוּנְד וֶועה, וֶוען דִיא וַואנְד וֶועט
אֵיינְפַאלֶען, זָאל עֶס נִיט צוּ אֵייךְ
גֶעזָאגְט וֶוערֶען, אַווְאוּ אִיז דִיא בֶּעד
שְׁמִירוּנְג מִיט וָואס אִיהְר הָאט בֶּעד
שְׁמִירְט?
13 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
אִיךְ וֶועל צוּשְׁפַּאלְטֶען דִיא וַואנְד אִין
מֵיין גְרִימְצָארְן מִיט אַ שְׁטוּרְמְווִינְד
אוּנְד אַ פֶערְפְלֵייצֶעדִיגֶער רֶעגֶען וֶועט
זֵיין דוּרְךְ מֵיין צָארְן, אוּנְד גְרוֹיסֶע
הָאגֶעל־שְׁטֵיינֶער דוּרְךְ מֵיין גְרִימְצָארְן
כְּדֵי עֶס זָאל פֶערְדָארְבֶּען וֶוערֶען:
14 אוּנְד אִיךְ וֶועל אָפּבְּרֶעכֶען דִיא
וַואנְד וֶועלְכֶע אִיהְר הָאט בֶּעשְׁמִיעֶרְט
מִיט אוּמְגֶעמִישְׁטֶען קַאלְךְ, אַז זִיא זָאל
גְרֵייכֶען בִּיז צוּ דֶער עֶרְד, אַזוֹי אַז
דֶער יְסוֹד זָאל עֶנְטפְּלֶעקְט וֶוערֶען,
אוּנְד זִיא (דִיא וַואנְד) וֶועט אֵיינְפַאלֶען
אוּנְד אִיהְר וֶועט צְווִישֶׁען אִיהְר
אוּמְקוּמֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט ווִיסֶען אַז
אִיךְ בִּין יְהוָֹה:
15 אוּנְד אַזוֹי וֶועל אִיךְ פֶערְלֶענְדֶען
מֵיין גְרִימְצָארְן אַן דֶער וַואנְד, אוּנְד
קֶעגֶען דִיא וָואס הָאבֶּען זִיא בֶּעשְׁמִיעֶרְט
מִיט אוּמְגֶעמִישְׁטֶען קַאלְךְ, אוּנְד מֶען
וֶועט צוּ אֵייךְ זָאגֶען, דִיא וַואנְד אִיז
נִיט מֶעהְר דָא, אוֹיךְ נִיט דִיא וָואס
הָאבֶּען זִיא בֶּעשְׁמִיעֶרְט:
16 דִיא נְבִיאִים פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס
הָאבֶּען נְבִיאוּת גֶעזָאגְט וֶועגֶען יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד דִיא זֶעהֶערְס וָואס הָאבֶּען וֶועגֶען
אִיהְר גֶעזֶעהֶען שָׁלוֹם, אָבֶּער עֶס אִיז
קֵיין שָׁלוֹם, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:
17 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, טְהוּא דֵיין
פָּנִים קֶעגֶען דִיא טֶעכְטֶער פוּן דֵיין
פָאלְק, וָואס זָאגֶען נְבִיאוּת פוּן זֵייעֶר
הֶערְצֶער, אוּנְד זָאג אוֹיף זֵייא נְבִיאוּת:
18 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי
זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אַזוֹי ווַיא, צוּ
דִיא וָואס נֵייעֶן צוּזַאמֶען קִישֶׁעלֶעךְ
אוֹיף אִיטְלִיכֶען גֶעלֶענְק פוּן דִיא הֶענְד,
אוּנְד מַאכֶען שְׁלֵייעֶרְס אוֹיף דִיא קֶעפּ
פוּן אִיטְלִיכֶען אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְטֶען בִּילְד,
כְּדֵי נְפָשׁוֹת צוּ חַאפֶּען! ווִילְט אִיהְר
חַאפֶּען דִיא נְפָשׁוֹת פוּן מֵיין פָאלְק,
אוּנְד ווִילְט אִיהְר דֶען דֶערְהַאלְטֶען
בֵּיים לֶעבֶּען דִיא נְפָשׁוֹת וָואס קוּמֶען
צוּ אֵייךְ?
19 אוּנְד ווִילְט אִיהְר מִיךְ פֶערְשְׁוֶועכֶען
פַאר מֵיין פָאלְק פַאר עֶטְלִיכֶע
הֶענְד־פוּל גֶערְשְׁטֶען, אוּנְד פַאר
עֶטְלִיכֶע שְׁטִיק בְּרוֹיט צוּ טֵייטֶען
זָאלְכֶע נְפָשׁוֹת וָואס זָאלֶען נִיט גֶעטֵייט
וֶוערֶען, אוּנְד צוּ דֶערְהַאלְטֶען בֵּיים
לֶעבֶּען זָאלְכֶע נְפָשׁוֹת וָואס זָאלֶען נִיט
לֶעבֶּען, דוּרְךְ אֵייעֶר לִיגֶען זָאגֶען צוּ
מֵיין פָאלְק וָואס הֶערֶען אֵייעֶרֶע לִיגֶען?
20 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
זֶעהְט, אִיךְ בִּין קֶעגֶען אֵייעֶרֶע קִישֶׁעלֶעךְ
מִיט וֶועלְכֶע אִיהְר חַאפְּט דָארְטֶען דִיא
נְפָשׁוֹת אַז זֵייא זָאלֶען פְלִיהֶען, אוּנְד
אִיךְ וֶועל זֵייא אַרוֹיסְרֵייסֶען פוּן זֵייעֶרֶע
אָרֶעמֶעס, אוּנְד אִיךְ וֶועל פְרֵייא
אַוֶועקְשִׁיקֶען דִיא נְפָשׁוֹת וָואס אִיהְר
הָאט גֶעחַאפְּט כְּדֵי זֵייא זָאלֶען פְלִיהֶען:
21 אוּנְד אִיךְ וֶועל אַרָאפְּרֵייסֶען
אֵייעֶרֶע שְׁלֵייעֶרְס אוּנְד אִיךְ וֶועל מֵיין
פָאלְק מַצִיל זֵיין פוּן אֵייעֶרֶע הֶענְד, אַז
זֵייא זָאלֶען נִיט מֶעהְר זֵיין אִין אֵייעֶרֶע
הֶענְד גֶעחַאפְּט צוּ וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְר
וֶועט ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה:
22 ווַייל אִיהְר הָאט ווַייא גֶעטְהוּן דָאס

הַארֶץ פוּן דֶעם צַדִיק מִיט לִיגֶען,
וָועמֶען אִיךְ הָאבּ נִיט וֵוייא גֶעטְהוּן,
אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעשְׁטַארְקְט דִיא
הֶענְד פוּן דֶעם רָשָׁע כְּדֵי עֶר זָאל זִיךְ
נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען פוּן זַיין שְׁלֶעכְטֶען
וֶועג אַז עֶר זָאל בְּלַייבֶּען לֶעבֶּען:
23 דַארוּם זָאלְט אִיהְר נִיט מֶעהְר
זֶעהֶען פַאלְשֶׁע נְבִיאוּת, אוּנְד אִיהְר
וֶועט שׁוֹין נִיט מֶעהְר קֵיינֶע כִּישׁוּפְרַייא
מַאכֶען, וָוארִין אִיךְ וֶועל מֵיין פָאלְק
מַצִיל זַיין פוּן אֵיירֶע הֶענְד, אוּנְד
אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה:

קאפיטעל יד

1 אוּנְד עֶס זֶענֶען צוּ מִיר גֶעקוּמֶען
מֶענֶער פוּן דִיא עֶלְטסְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פַאר מִיר
גֶעזֶעצְט:
2 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ
מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
3 בֶּן־אָדָם, דִיא דָאזִיגֶע מֶענֶער הָאבֶּען
אַרוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט זֵיירֶע אָפְּגֶעטֶער אוֹיף
זֵייעֶר הַארְץ, אוּנְד דִיא שְׁטְרוֹיכְלוּנְג
פוּן זֵיירֶע זִינְד הָאבֶּען זֵייא גֶעגֶעבֶּען
קֶעגֶען זֵיירֶע פֶּענֶעמֶער, זָאל אִיךְ מִיךְ
גֶעוִוים פוּן זֵייא דֶערְפָארְשֶׁען לָאזֶען?
4 דַארוּם רֶעד צוּ זֵייא, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער
הַאר גָאט, אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס וֶועט
אוֹיפְנֶעמֶען זַיינֶע אָפְּגֶעטֶער אִין זַיין
הַארְץ אוּנְד הָאט פַאר זִיךְ גֶעמַאכְט אַ
שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פַאר זַיינֶע זִינְד, אוּנְד עֶר
קוּמְט צוּ דֶעם נָבִיא, אַזוֹי וֶועל אִיךְ,
יְהֹוָה עֶנְטְפֶערְן דֶעם וָואס קוּמְט מִיט
זַיינֶע פִילֶע אָפְּגֶעטֶער:
5 כְּדֵי אִיךְ זָאל נֶעמֶען דָאס הוֹיזְגֶע־
זִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל דוּרְךְ זֵייעֶר אֵייגֶען
הַארְץ, ווייל זֵייא אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ
אָפְּגֶעשֵׁייט פוּן מִיר דוּרְךְ זֵיירֶע
אָפְּגֶעטֶער:
6 דַארוּם זָאג צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
קֶעהְרְט אֵייךְ אִים גַאנְצֶען אַוֶועק פוּן
אֵיירֶע אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד קֶעהְרְט אַוֶועק
אֵייעֶר פָּנִים פוּן אַלֶע אֵיירֶע אוּמְוֶוערְ־
דִיגְקֵייטֶען:
7 וָוארִין אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דֶער גֵר
וָואס הַאלְט זִיךְ צְווִישֶׁען יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
שֵׁייט זִיךְ אָפּ פוּן מִיר, אוּנְד נֶעמְט
אוֹיף זַיינֶע אָפְּגֶעטֶער אִין זַיין הַארְץ,
אוּנְד מַאכְט אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פוּן זַיינֶע
זִינְד קֶעגֶען זַיין פָּנִים, אוּנְד עֶר קוּמְט
צוּ דֶעם נָבִיא בֵּייא אִיהְם נָאכְצוּ־
פָארְשֶׁען וֶועגֶען מִיר, אַזוֹי וֶועל אִיךְ,
יְהֹוָה אִיהְם עֶנְטְפֶערְן בֵּייא מִיר
זֶעלְבְּסְט:
8 אוּנְד אִיךְ וֶועל מֵיין פָּנִים רִיכְטֶען
קֶעגֶען דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען מַאן, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אִיהְם מַאכֶען פַאר אַ צֵייכֶען אוּנְד
פַאר אַ מָשָׁל, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם
פֶערְטִילְגֶען פוּן צְווִישֶׁען מֵיין פָאלְק,
אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ
בִּין יְהֹוָה:
9 אוּנְד וֶוען דֶער נָבִיא אִיז פֶערְ־
פִיהְרְט גֶעוָוארֶען וֶוען עֶר רֶעט אַ
וָוארְט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ, יְהֹוָה פֶערְפִיהְרְט
דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען נָבִיא, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט מֵיינֶע הַאנְד קֶעגֶען
אִיהְם, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם פֶערְטִילְגֶען
פוּן צְווִישֶׁען מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל
10 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען טְרָאגֶען דִיא
שְׁטְרָאף פַאר זֵיירֶע זִינְד, דִיא שְׁטְרָאף
פוּן דֶעם נָבִיא וֶועט זַיין גְרָאד אַזוֹי

ווִיא דִיא שְׁטְרָאף פוּן דֶעם וָואס
פָארְשְׁט בַּייא אִיהְם׃
11 כְּדֵי דָאס הויזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל
זָאל זִיךְ נִיט מֶעהְר פֶערְאִירֶען פוּן
הִינְטֶער מִיר, אוּנְד דָאס זֵייא זָאלֶען
זִיךְ נִיט מֶעהְר מְטַמֵא זַיין מִיט־אַלֶע
זֵייעֶרֶע זִינְד, נֵייעֶרְט זֵייא זָאלֶען צוּ מִיר
זַיין צוּ אַ פָאלְק, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ
זֵייא זַיין צוּ אַ גָאט, זָאגְט דֶער
הַאר גָאט׃
12 אוּנְד־דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ
מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
13 בֶּן־אָדָם, וֶוען אַ לַאנְד וֶועט
קֶעגֶען מִיר זִינְדִיגֶען, גַאנְץ אוּמְגֶעטְרַייא
צוּ וֶוערֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ מַיינֶע הַאנְד
דַארִיבֶּער אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל דַאפוּן צוּבְּרֶעכֶען דִיא אוּנְטֶער־
לֶעהְנוּנְג פוּן בְּרוֹיט, אוּנְד אִיךְ וֶועל
דַארוֹיף שִׁיקֶען אַ הוּנְגֶער, אוּנְד אִיךְ
וֶועל דַאפוּן פֶערְטִילְגֶען מֶענְשֶׁען אוּנְד
בְּהֵמוֹת׃
14 אוּנְד חָאטְשֶׁע דִיא דָאזִיגֶע דְרַייא
מֶענֶער נֹחַ, דָנִיאֵל, אוּנְד אִיוֹב זָאלֶען
דַארִין זַיין, אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא נוּר דוּרְךְ
זֵייעֶר צְדָקוֹת זֵייעֶר אֵייגֶען לֶעבֶּען
מַצִיל זַיין, זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃
15 וֶוען אִיךְ וֶועל לָאזֶען אִיבֶּערְפָאהְרֶען
דוּרְךְ דֶעם לַאנְד ווִילְדֶע חַיוֹת, אוּנְד
זֵייא בֶּערוֹיבֶּען עֶס פוּן קִינְדֶער, אוּנְד
עֶס וֶוערְט ווִיסְט אַזוֹי דָאס קֵיינֶער קֶען
עֶס אִיבֶּערְפָאהְרֶען וֶועגֶען דִיא (ווִילְדֶע)
חַיוֹת׃
16 חָאטְשֶׁע דִיא דָאזִיגֶע דְרַייא מֶענֶער
וָואלְט אִין אִיהְר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי וָואהְר
ווִיא אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
אוֹיבּ זֵייא וָואלְטֶען גֶעקֶענְט מַצִיל זַיין
זֵייעֶרֶע זִיהְן אָדֶער זֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער,
נֵייעֶרְט נוּר זִיךְ אַלֵיין הֶעטֶען זֵייא
גֶעקֶענְט מַצִיל זַיין אָבֶּער דָאס לַאנְד
הֶעט פֶערְווִיסְט גֶעוָוארֶען׃
17 אָדֶער וֶוען אִיךְ זָאל בְּרֶענְגֶען אַ
שְׁוֶוערְט אִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד,
אוּנְד אִיךְ זָאל זָאגֶען, שְׁוֶוערְט פָאהְר
אִיבֶּער דֶעם לַאנְד אוּנְד פֶערְטִילְג
דַאפוּן מֶענְשֶׁען אוּנְד בְּהֵמוֹת׃
18 אוּנְד חָאטְשֶׁע דִיא דָאזִיגֶע דְרַייא
מֶענֶער וָואלְטֶען צְווִישֶׁען זֵייא גֶעוֶועזֶען,
אַזוֹי וָואהְר ווִיא אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט דֶער
הַאר גָאט זֵייא הֶעטֶען נִיט גֶעקֶענְט
מַצִיל זַיין זִיהְן אָדֶער טֶעכְטֶער, נֵייעֶרְט
נוּר זִיךְ אַלֵיין הֶעטֶען זֵייא מַצִיל גֶע־
וֶועזֶען׃
19 אָדֶער וֶוען אִיךְ שִׁיק אַ פֶּעסְטִילֶענְץ
אִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, אוּנְד אִיךְ
גִיס דַארִיבֶּער אוֹיס מַיין גְרִימְצָארְן
דוּרְךְ בְּלוּט, כְּדֵי דֶערְפוּן צוּ פֶערְ־
טִילְגֶען מֶענְשֶׁען אוּנְד בְּהֵמוֹת׃
20 חָאטְשֶׁע נֹחַ, דָנִיאֵל, אוּנְד אִיוֹב
הֶעטֶען דַארִין גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי וָואהְר
ווִיא אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
אוֹיבּ זֵייא וָואלְטֶען גֶעקֶענְט מַצִיל זַיין
אַ זוּהְן אָדֶער אַ טָאכְטֶער, נֵייעֶרְט נוּר
זִיךְ אַלֵיין הֶעטֶען זֵייא מַצִיל גֶעוֶועזֶען
דוּרְךְ זֵייעֶר צְדָקוֹת׃
21 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
מִכָּל שֶׁכֵּן וֶוען אִיךְ שִׁיק אוֹיף יְרוּשָׁלַיִם,
מַיינֶע פִיעֶר בֵּייזֶע שְׁפָטִים, דָאס
שְׁוֶוערְט, אוּנְד הוּנְגֶער, אוּנְד ווִילְדֶע
חַיוֹת, אוּנְד פֶּעסְטִילֶענְץ, כְּדֵי דֶערְפוּן
צוּ פֶערְטִילְגֶען מֶענְשֶׁען אוּנְד בְּהֵמוֹת׃
22 פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז דָאךְ אִין
אִיהְר אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אֵיינֶע עֶנְטְרִינוּנְג
וָואס זָאל אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט וֶוערֶען, פוּן
זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער, וֶוען זֵייא וֶועלֶען

צוּ אֵייךְ אַרױסְקוּמֶען אוּנְד אִיהְר װעט זֶעהֶען זֵייעֶרֶע װעגֶען אוּנְד זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד אִיהְר װעט גֶעטְרֵייסְט װערֶען װעגֶען דֶעם בֵּייזֶען װאס אִיךְ הָאבּ גֶעבְּרֶענְגְט אויף יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אִיבֶּער אַלֶעם װאס אִיךְ הָאבּ אִיבֶּער אִיהְר גֶעבְּרֶענְגְט:

23 אוּנְד זֵייא װעלֶען אֵייךְ טְרֵייסְטֶען װען אִיהְר װעט זֶעהֶען זֵייעֶרֶע װעגֶען אוּנְד זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד אִיהְר װעט װיסֶען אַז אִיךְ הָאבּ נִיט אוּמְזִיסְט גֶעטְהוּן אַלֶעם װאס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן אִין אִיהְר, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

## קאפיטעל טו

1 אוּנְד דָאס װָארְט פוּן גָאט אִיז גֶעװעזֶען צוּ מִיר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

2 בֶּן־אָדָם, װאס אִיז דֶען דָאס הָאלְץ פוּן אַ װיינְשְׁטָאק מֶעהְר פוּן אַלֶע אַנְדֶערֶע בֵּיימֶער, אָדֶער דִיא צְװייג װאס אִיז צְװִישֶׁען דִיא בֵּיימֶער פוּן דֶעם װאַלְד?

3 קֶען מֶען דֶען דֶערְפוּן גֶעמֶען הָאלְץ צוּ אַ מְלָאכָה? אָדֶער קֶען מֶען דֶערְפוּן נֶעמֶען אַ פְּלָאקֶען אויף אִיהְם אַלֶערְלֵייא כֵּלִים אוֹיפְצוּהֶענְגֶען?

4 זֶעה, עֶס װערְט גֶעגֶעבֶּען צוּם פֵייעֶר צוּ בְּרֶענֶען, זֵיינֶע בֵּיידֶע עֶקֶען הָאט דָאס פֵייעֶר פֶערבְּרֶענְט, אוּנְד װען זֵיין מִיטֶעלְסְטֶעס אִיז שְׁװאַרְץ גֶעװָארֶען קֶען עֶס נָאךְ נִיצֶען צוּ אַ מְלָאכָה?

5 זֶעה, װען עֶס אִיז נָאךְ גֶעװעזֶען גַאנְץ הָאט מֶען נִיט דֶערְפוּן גֶעמַאכְט אַ מְלָאכָה, מִכָּל שֶׁכֵּן װען דָאס פֵייעֶר הָאט עֶס גֶעבְּרֶענְט אוּנְד הָאט עֶס שְׁװאַרְץ גֶעמַאכְט זָאל עֶס גֶעבְּרוּיכְט װערֶען צוּ אַ מְלָאכָה?

6 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אַזוֹי װִיא דָאס הָאלְץ פוּן דֶעם װיינְשְׁטָאק אִיז צְװִישֶׁען דִיא בֵּיימֶער פוּן דֶעם װאַלְד װאס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם פֵייעֶר צוּ פֶערְבְּרֶענֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אַהִינְגֶעגֶעבֶּען דִיא בֶּעװָאוינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם:

7 אוּנְד אִיךְ װעל קֶעגֶען זֵייא גֶעבֶּען מֵיין פָּנִים, זֵייא װעלֶען אַרױסְגֵיין פוּן אֵיין פֵייעֶר אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶעס פֵייעֶר װעט זֵייא פֶערבְּרֶענֶען, אוּנְד אִיהְר װעט װיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהוָה, װען אִיךְ װעל מֵיין פָּנִים קֶעגֶען זֵייא טְהוּן:

8 אוּנְד אִיךְ װעל דָאס לַאנְד װיסְט מַאכֶען, װייל זֵייא הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט אַ זִינְד, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

## קאפיטעל טז

1 אוּנְד דָאס װָארְט פוּן גָאט אִיז צוּ מִיר גֶעװעזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

2 בֶּן־אָדָם! מַאךְ יְרוּשָׁלַיִם װיסֶען אִיהְרֶע אוּמְװערְדִיגֶע מַעֲשִׂים:

3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט צוּ יְרוּשָׁלַיִם, דֵיין אוּרְשְׁפְּרוּנְג אוּנְד דֵיינֶע גֶעבּוּרְט אִיז פוּן דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, דֵיין פָאטֶער אִיז גֶעװעזֶען אֵיין אֱמוֹרִי אוּנְד דֵיינֶע מוּטֶער אַ חִתִּית:

4 אוּנְד דֵיינֶע גֶעבּוּרְט—אִין דֶעם טָאג װאס דוּא בִּיזְט גֶעבּוֹירֶען גֶעװָארֶען, הָאט מֶען נִיט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען דֵיין נָאפֶּעל, אוּנְד דוּא בִּיזְט נִיט גֶעװַאשֶׁען גֶעװָארֶען אִין דֶעם װַאסֶער װען אִיךְ הָאבּ דִיךְ אָנְגֶעקוּקְט, אוּנְד מֶען הָאט דִיךְ נִיט גֶעזַאלְצֶען מִיט זַאלְץ, אוּנְד מֶען הָאט דִיךְ נִיט אֵיינְגֶעװִיקֶעלְט מִיט װִיקֶעלְן:

5 קֵיין אוֹיג הָאט אִיבֶּער דִיר רַחֲמָנוּת גֶעהַאט אַז מֶען זָאל דִיר טְהוּן אֵיינְס

פוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען, כְּדֵי זִיךְ אִיבֶּער
דִיר צוּ דֶערְבַּארְמֶען, נֵייעֶרְט מֶען הָאט
דִיךְ גֶעוָוארְפֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד מִיט
דַיין אֵיינְגֶערִיכְטֶען לֵייבּ אִין דֶעם טָאג
וָואס דוּא בִּיזְט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען:

6 אוּנְד וֶוען אִיךְ בִּין פַאר דִיר
פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
דִיךְ גֶעזֶעהֶען צוּטְרֶעטֶען אִין דַיין בְּלוּט,
אַזוֹי הָאבּ אִיךְ צוּ דִיר גֶעזָאגְט, וֶוען
דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אִין דַיין בְּלוּט,
לֶעבּ, יוֹא, אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶעזָאגְט
וֶוען דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אִין דַיין בְּלוּט,
לֶעבּ!

7 אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעמַאכְט אַזוֹי פִיל
וִויא דָאס שְׁפְּרָאצוּנְג פוּן דֶעם פֶעלְד,
אוּנְד דוּא בִּיזְט גֶעמֶעהְרְט גֶעוָוארֶען
אוּנְד גְרוֹיס גֶעוָוארֶען, אוּנְד בִּיזְט גֶער־
קוּמֶען מִיט גַאנְץ שֵׁיינֶע צִירוּנְג; דֵיינֶע
בְּרִיסְטֶען זֶענֶען שׁוֹין גֶעוֶוען אָנְגֶעבְּרֵייט,
אוּנְד דֵיינֶע הָאר שׁוֹין גֶעוַואקְסֶען,
אָבֶּער דוּא בִּיזְט נָאךְ גֶעוֶועזֶען נַאקֶעט
אוּנְד בְּלוֹיס:

8 אוּנְד וֶוען אִיךְ בִּין פַאר דִיר
פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
דִיךְ גֶעזֶעהֶען, זֶעה, אַזוֹי אִיז דֵיינֶע
צֵייט גֶעוֶועזֶען אַ צֵייט פוּן לִיבְּשַׁאפְט,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיבֶּער דִיר אוֹיסְגֶע־
שְׁפְּרֵייט מֵיין עֶק קְלֵייד, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ בֶּעדֶעקְט דֵיינֶע נַאקְטְהֵייט, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶעשְׁוָואוֹירֶען, אוּנְד
אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען מִיט דִיר כּוֹרֵת
בְּרִית צוּ זַיין, זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
אוּנְד דוּא בִּיזְט מֵיין גֶעוָוארֶען:

9 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעוַואשֶׁען מִיט
וַואסֶער, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אָפְּגֶעשְׁוֶוענְקְט
דַיין בְּלוּט פוּן דִיר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
דִיךְ גֶעזַאלְבְּט מִיט אֵייל:

10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ אָנְגֶעקְלֵייט
מִיט גֶעשְׁטִיקְטֶע אַרְבֵּייט, אוּנְד הָאבּ
דִיר אָנְגֶעטְהוּן שִׁיךְ פוּן תַּחַשׁ־לֶעדֶער,
אוּנְד הָאבּ דִיךְ אָנְגֶעגַארְטֶעלְט מִיט
לֵיינֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ בֶּעדֶעקְט
מִיט זֵיידֶענְצֵייג:

11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעצִיעֶרְט מִיט
שְׁמוּק־זַאכֶען, אוּנְד הָאבּ גֶעגֶעבֶּען
אָרֶעמְבֶּענְדֶער אוֹיף דֵיינֶע הֶענְד, אוּנְד
אַ קֵייט אוֹיף דַיין הַאלְז:

12 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען אַ רִינְג
אָן דֵיינֶע נָאז, אוּנְד אוֹיעֶר־רִינְגְלֶעךְ אָן
דֵיינֶע אוֹירֶען, אוּנְד אַ שֵׁיינֶע קְרוֹין
אוֹיף דַיין קָאפּ:

13 אוּנְד דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען גֶעצִיעֶרְט
מִיט גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער, אוּנְד דֵיינֶע
קְלֵיידֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פֵיינֶע לֵיינֶען
אוּנְד זֵייד אוּנְד שְׁטִיקֶערֵייא אַרְבֵּייט;
אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעגֶעסֶען זֶעמֶעל־
מֶעהְל אוּנְד הָאנִיג אוּנְד בּוֹימ־אֵייל,
אוּנְד דוּא בִּיזְט גַאנְץ שֵׁיין גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד דוּא הָאסְט בֶּעגְלִיקְט צוּ דֶער
מְלוּכָה:

14 אוּנְד עֶס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען וֶועגֶען
דִיר אַ שֵׁם צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם פוּן
וֶועגֶען דֵיינֶע שֵׁיינְקֵייט, וָוארִין עֶס אִיז
גַאנְץ פוּלְקוּמֶען גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ מֵיינֶע
שֵׁיינְקֵייט וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיף דִיר
גֶעטְהוּן, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

51 אָבֶּער דוּא הָאסְט פֶערְטְרוֹיעֶט
אוֹיף דֵיינֶע שֵׁיינְקֵייט, אוּנְד דוּא הָאסְט
מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען פוּן וֶועגֶען דַיין שֵׁם,
אוּנְד דוּא הָאסְט אוֹיסְגֶעגָאסֶען דַיין
זְנוּת, אוֹיף אִיטְלִיכֶען וָואס אִיז פֶערְבֵּייא־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד פַאר אִיהְם בִּיזְט דוּא
גֶעוֶועזֶען:

16 אוּנְד דוּא הָאסְט גֶענוּמֶען פוּן

דֵיינֶע קְלֵיידֶער אוּנְד דוּא הָאסְט פַאר
דִיר גֶעמַאכְט גֶעשְׁפְּרֶענְקֶעלְטֶע בָּמוֹת,
אוּנְד דוּא הָאסְט אוֹיף זֵייא מְזַנֶה
גֶעוֶועזֶען, זָאלְכֶעס אִיז קֵיינְמָאל נִיט
גֶעוֶועזֶען :
17 אוּנְד דוּא הָאסְט גֶענוּמֶען דִיא
שֵׁיינֶע כֵּלִים פוּן מֵיין גָאלְד אוּנְד
מֵיין זִילְבֶּער וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר
גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד דוּא הָאסְט דִיר דֶערְ־
פוּן גֶעמַאכְט בִּילְדֶער פוּן אַ זָכָר,
אוּנְד הָאסְט מִיט זֵייא מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען :
18 אוּנְד דוּא הָאסְט גֶענוּמֶען דֵיינֶע
גֶעשְׁטִיקְטֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד הָאסְט זֵייא
דֶערְמִיט בֶּעדֶעקְט, אוּנְד מֵיין אֵייל
אוּנְד מֵיין רוֹיכֶערְוֶוערְק הָאסְט דוּא
פַאר זֵייא גֶעגֶעבֶּען :
19 אוּנְד מֵיינֶע שְׁפֵּייז וָואס אִיךְ הָאבּ
צוּ דִיר גֶעגֶעבֶּען, זֶעמֶעל־מֶעהְל אוּנְד
הָאנִיג, מִיט וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ
גֶעשְׁפֵּייזְט, הָאסְט דוּא פַאר זֵייא
גֶעגֶעבֶּען פַאר אַ רֵיחַ נִיחוֹחַ אוּנְד עֶס
אִיז אַזוֹי גֶעוֶועזֶען, זָאגְט דֶער הַאר
גָאט :
20 דוּא הָאסְט אוֹיךְ גֶענוּמֶען דֵיינֶע
זִיהְן אוּנְד דֵיינֶע טֶעכְטֶער, וָואס דוּא
הָאסְט צוּ מִיר גֶעבּוֹירֶען, דִיא הָאסְט
דוּא צוּ זֵייא מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען, כְּדֵי
זֵייא אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען, אִיז דָאס נָאךְ אַ
קְלֵיינִיגְקֵייט פוּן דֵיינֶע הוּרֶערֵייא :
21 אַז דוּא זָאלְסְט שֶׁעכְטֶען מֵיינֶע
קִינְדֶער אוּנְד זֵייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען כְּדֵי
זֵייא זָאלֶען דוּרְכְגֶעפִיהְרְט וֶוערֶען דוּרְךְ
דֶעם פֵייעֶר ?
22 אוּנְד אִין אַלֶע דֵיינֶע אוּמְווִירְדִיגֶע
מַעֲשִׂים אוּנְד דֵיינֶע הוּרֶערֵייא הָאסְט
דוּא נִיט גֶעדֶענְקְט אָן דִיא טֶעג פוּן
דֵיינֶע יוּנְגְהַייט, וָוען דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען
נַאקֶעט אוּנְד בְּלוֹיס, אוּנְד בִּיזְט
גֶעוֶועזֶען צוּטְרֶעטֶען אִין דֵיין בְּלוּט :
23 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ אַלֶע
דֵיינֶע בֵּייזְהֵייט־אוֹי ! אוֹי וֶוייא צוּ
דִיר ! זָאגְט דֶער הַאר גָאט :
24 אוּנְד דוּא הָאסְט דִיר אוֹיךְ גֶע־
בּוֹיעֶט אַ הוּרֶען־הוֹיז, אוּנְד הָאסְט
דִיר גֶעמַאכְט אַ הוֹיכֶען אָרְט אִין
אִיטְלִיכֶער גַאס :
25 אוּנְד אוֹיף אִיטְלִיכֶען הוֹיפְּט־וֶועג
הָאסְט דוּא דִיר גֶעבּוֹיעֶט דֵיינֶע הֵייךְ,
אוּנְד הָאסְט פֶערְאוּמְוֶוערְדִיגְט דֵיינֶע
שֵׁיינְהֵייט, אוּנְד דוּא הָאסְט אוֹיסְגֶע־
שְׁפְּרֵייט דֵיינֶע פִיס צוּ אִיטְלִיכֶען וָואס
אִיז פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אַזוֹי
הָאסְט דוּא פֶערְמֶעהְרְט דֵיין זְנוּת :
26 אוּנְד דוּא הָאסְט דִיךְ אוֹיךְ מְזַנֶה
גֶעוֶועזֶען מִיט דִיא בְּנֵי מִצְרַיִם, דֵיינֶע
שְׁכֵנִים וָואס זֶענֶען גְרוֹיסֶע מֶענְשֶׁען,
אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעמֶעהְרְט דֵיין זְנוּת
כְּדֵי מִיךְ צוּ דֶערְצָארְנֶען :
27 אוּנְד זֶעה, דַארוּם הָאבּ אִיךְ
אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט מֵיינֶע הַאנְד אִיבֶּער
דִיר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעמִינֶערְט דֵיינֶע
בֶּעשְׁטִימְטֶע (שְׁפֵּייז), אוּנְד אִיךְ הָאבּ
דִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם ווִילֶען פוּן
דֵיינֶע פֵיינְד, דִיא טֶעכְטֶער פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים, וָואס הָעטֶען זִיךְ גֶעשֶׁעמְט
צוּ גֵיין דֵיין שְׁלֶעכְטֶען וֶועג :
28 אוּנְד דוּא הָאסְט דִיךְ אוֹיךְ מְזַנֶה
גֶעוֶועזֶען מִיט דִיא קִינְדֶער פוּן אַשּׁוּר
ווייל דוּא בִּיזְט נִיט זַאט גֶעוֶועזֶען, דוּא
הָאסְט דִיךְ מִיט זֵייא מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען
אוּנְד דוּא בִּיזְט דָאךְ נִיט זַאט
גֶעוָוארֶען :
29 אוּנְד דוּא הָאסְט פֶערְמֶעהְרְט דֵיין
זְנוּת מִיט דֶעם לַאנְד כְּנַעַן בִּיז נָאךְ

כַּשְׂדִים, אוּנְד מִיט דֶעם בִּיזְט דוּא
אויך נִיט זַאט גֶעוָוארֶען׃
30 אַזוֹי וִויא שְׁוַואךְ אִיז דֵיין הַארְץ,
זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִין דֶעם דוּא
טְהוּסְט דָאס אַלֶעס, דִיא מַעֲשִׂים פוּן
אַ זוֹנָה וָואס גֶעוֶועלְטִיגְט׃
31 אִין דֶעם דוּא בּוֹיעֶסְט דִיר אַ
הוּרֶענ-הוֹיז אָן דֶער שְׁפִּיץ פוּן אִיטְ-
לִיכֶען וֶועג, אוּנְד הָאסְט דִיר גֶעמַאכְט
דֵיינֶע הֵייךְ אוֹיף אִיטְלִיכֶע גַאס, אוּנְד
דוּא בִּיזְט נִיט גֶעוֶועזֶען וִויא אַ
(גֶעוֶועהְנְלִיכֶע) זוֹנָה וָואס בֶּערִימְט זִיךְ
מִיט דֶעם גֶעשֶׁענְק׃
32 גֵייעֶרְט וִויא אַ וַוייבּ וָואס אִיז
מְנָאֵף וֶוען זִיא נֶעמְט זִיךְ פְרֶעמְדֶע
אַנְשְׁטָאט אִיהְר (אֵייגֶענֶעם) מַאן׃
33 זֵייא גֶעבֶּען מַתָּנוֹת צוּ אַלֶע הוּרֶען,
אָבֶּער דוּא הָאסְט גֶעגֶעבֶּען דֵיינֶע
מַתָּנוֹת צוּ אַלֶע דֵיינֶע לִיבְּהָאבֶּערְס,
אוּנְד דוּא הָאסְט זֵייא מְשַׁחֵד גֶעוֶועזֶען
אַז זֵייא זָאלֶען צוּ דִיר קוּמֶען רִינְגְס
אַרוּם זִיךְ מִיט דִיר מְזַנֶה צוּ זַיין׃
34 אוּנְד בַּייא דִיר אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען
אַ פֶערְקֶעהְרְטֶער מִנְהָג וִויא פוּן אַנְדֶערֶע
וַוייבֶּער אִין דֵיין זְנוּת, אוּנְד נָאךְ דִיר
הָאט זִיךְ קֵיינֶע נִיט אַזוֹי מְזַנֶה גֶע-
וֶועזֶען, וָוארִין דוּא הָאסְט גֶעגֶעבֶּען
מַתָּנוֹת, אוּנְד קֵיינֶע מַתָּנוֹת זֶענֶען
צוּ דִיר נִיט גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען, אוּנְד
אַזוֹי בִּיזְט דוּא פֶערְקֶעהְרְט׃
35 דַארוּם, דוּא זוֹנָה, הֶער דָאךְ דָאס
וָוארְט פוּן גָאט׃
36 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, וַוייל
דֵיינֶע מִיסְקֵייט אִיז אוֹיסְגֶעגָאסֶען,
אוּנְד דֵיינֶע נַאקֶעטְהֵייט אִיז עַנְטְפְּלֶעקְט
גֶעוָוארֶען וֶועגֶען דֵיינֶע הוּרֶערֵייא מִיט
דֵיינֶע לִיבְּהָאבֶּערְס, אוּנְד דֵיינֶע אוּמְ-
וֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים מִיט אַלֶע אָפְּגֶעטֶער,
אוּנְד דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט פוּן דֵיינֶע
קִינְדֶער וָואס דוּא הָאסְט צוּ זֵייא
גֶעגֶעבֶּען׃
37 דַארוּם זֶעה, אִיךְ וֶועל פֶערְזַאמֶעלְ'ן
אַלֶע דֵיינֶע לִיבְּהָאבֶּערְס מִיט וֶועלְכֶע
דוּא הָאסְט דִיךְ גֶעמִישְׁט, אוּנְד אַלֶע
וָואס דוּא הָאסְט גֶעלִיבְּט, אוּנְד אוֹיךְ
אַלֶע וָואס דוּא הָאסְט גֶעהַאסְט, אוּנְד
אִיךְ וֶועל זֵייא קֶעגֶען דִיר פֶערְזַאמֶעלְ'ן
רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ זֵייא
עַנְטְפְּלֶעקֶען דֵיינֶע נַאקְטְהֵייט, כְּדֵי
זֵייא זָאלֶען זֶעהֶען דֵיינֶע גַאנְצֶע
נַאקְטְהֵייט׃
38 אִיךְ וֶועל דִיךְ מִשְׁפָּט'ן מִיט דֶעם
מִשְׁפָּט פוּן דִיא נוֹאֲפוֹת אוּנְד פוּן
זָאלְכֶע וָואס פֶערְגִיסֶען בְּלוּט, אוּנְד
אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען בְּלוּט פוּן צָארְן
אוּנְד קִנְאָה׃
39 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען
אִין זֵיירֶע הֶענְד אַרַיין, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען אָפְּבְּרֶעכֶען דֵיינֶע הוּרֶערֵייא,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען צוּבְּרֶעכֶען דֵיינֶע
הוֹיכֶע עֶרְטֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דִיר
אָפְּצִיהֶען דֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד וֶועלֶען
דִיר אַוֶועקְנֶעמֶען דֵיינֶע שֵׁיינֶע כֵּלִים,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דִיךְ לָאזֶען נַאקֶעט
אוּנְד בְּלוֹיז׃
40 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אוֹיף דִיר
אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען אַ פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד
זֵייא וֶועלֶען דִיךְ פֶערְשְׁטֵיינֶען מִיט
שְׁטֵיינֶער, אוּנְד דוּרְכְשְׁטֶעכֶען מִיט
שְׁוֶוערְדֶען׃
41 אוּנְד דֵיינֶע הֵייזֶער וֶועלֶען זֵייא
פֶערְבְּרֶענֶען מִיט פַייעֶר, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען אָן דִיר טְהוּן מִשְׁפָּטִים פָאר
דִיא אוֹיגֶען פוּן פִילֶע וַוייבֶּער, אוּנְד

אוֹיף אַזוֹי אֵיין אוֹפֶן וֶועל אִיךְ דִיךְ
מַאכֶען אוֹיפְהֶערֶען צוּ זַיין אַ זוֹנָה,
אוּנְד דוּא וֶועסְט אוֹיךְ נִיט מֶעהְר
גֶעבֶּען קֵיינֶע מַתָּנוֹת׃
42 אוּנְד אַזוֹי וֶועל אִיךְ לָאזֶען רוּהֶען
מֵיין גְרִימְצָארְן קֶעגֶען דִיר, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אַוֶועקְקֶעהְרֶען פוּן דִיר מֵיינֶע
קִנְאָה, אוּנְד אִיךְ וֶועל שְׁטִיל זַיין,
אוּנְד וֶועל מִיךְ נִיט מֶעהְר עֶרְגֶערְן׃
43 וֵייל דוּא הָאסְט נִיט גֶעדַאכְט
אָן דִיא טֶעג פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד, אוּנְד
דוּא הָאסְט מִיךְ דֶערְצָארְנְט מִיט אַלֶע
דִיזֶע זַאכֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיר אוֹיךְ
בֶּעצָאלֶען פִיר דֵיין וֶועג אוֹיף דֵיין
אֵייגֶענֶעם קָאפּ, זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט טְהוּן דָאס
שְׁלֶעכְטֶע אִיבֶּער אַלֶע דֵיינֶע אוּמְוֶוערְ־
דִיגֶע מַעֲשִׂים׃
44 זֶעה, אִיטְלִיכֶער וָואס זָאגְט מְשָׁלִים
וֶועט דָאס מָשָׁל אִיבֶּער דִיר זָאגֶען,
"אַזוֹי וִויא דִיא מוּטֶער אִיז אַזוֹי אִיז
דִיא טָאכְטֶער"׃
45 דוּא בִּיזְט דֵיינֶע מוּטֶער'ס טָאכְטֶער
וָואס פֶערְעֶקֶעלְט אִיהְר מַאן אוּנְד
אִיהְרֶע קִינְדֶער, אוּנְד דוּא בִּיזְט אוֹיךְ
דֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער'ס שְׁוֶועסְטֶער וָואס
פֶערְעֶקֶעלְן זֵייעֶרֶע מֶענֶער אוּנְד זֵייעֶרֶע
קִינְדֶער, אֵייעֶרֶע מוּטֶער אִיז דִיא חִתִּית,
אוּנְד אֵייעֶר פָאטֶער דֶער אֱמוֹרִי׃
46 אוּנְד דֵיינֶע עֶלְטֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער
אִיז שׁוֹמְרוֹן, זִיא אוּנְד אִיהְרֶע טֶעכְטֶער
וָואס וְואוֹינֶען אַן דֵיינֶער לִינְקֶען זֵייט,
אוּנְד דֵיינֶע יִינְגֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער וָואס
וְואוֹינְט אַן דֵיינֶער רֶעכְטֶען זֵייט, אִיז
סְדוֹם אוּנְד אִיהְרֶע טֶעכְטֶער׃
47 דוּא בִּיזְט נִיט נוּר גֶעגַאנְגֶען אִין
זֵייעֶרֶע וֶועגֶען אוּנְד גֶעטְהוּן נָאךְ זֵייעֶרֶע
אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים, נֵייעֶרְט דוּא
הָאסְט דִיךְ אִין אַלֶע דֵיינֶע וֶועגֶען
מֶעהְר וִויא זֵייא פֶערְדָארְבֶּען׃
48 אַזוֹי וָואהְר וִויא אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט
דֶער הַאר גָאט, אוֹיבּ דֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער
סְדוֹם אוּנְד אִיהְרֶע טֶעכְטֶער הֶעטֶען
גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא דוּא אוּנְד דֵיינֶע
טֶעכְטֶער הָאסְט גֶעטְהוּן׃
49 זֶעה, דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא זִינְד
פוּן דֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער סְדוֹם, שְׁטָאלְצְ־
הֵייט, זַאטְקֵייט פוּן בְּרוֹיט, זִיא הָאט
גֶעהַאט רוּה אוּנְד זִיכֶערְהֵייט אוּנְד
אוֹיךְ אִיהְרֶע טֶעכְטֶער, אוּנְד זִיא הָאט
נִיט גֶעשְׁטַארְקְט דִיא הַאנְד פוּן דֶעם
אָרֶעמֶען אוּנְד בֶּעדִירְפְטִיגֶען׃
50 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען הוֹיכְ־
מוּטִיג אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן
אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים פַאר מִיר, דַארוּם
הָאבּ אִיךְ זֵייא אָפְּגֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא
אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעזֶעהֶען׃
51 אוּנְד שׁוֹמְרוֹן הָאט נִיט אַמָאל
גֶעזִינְדִיגְט דִיא הֶעלְפְט אַזוֹי וִויא דוּא
הָאסְט גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד דוּא הָאסְט
פֶערְמֶעהְרְט דֵיינֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים
וִויא זִיא, אוּנְד דוּא הָאסְט דֵיינֶע
שְׁוֶועסְטֶערְן גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט דוּרְךְ
אַלֶע דֵיינֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים וָואס
דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן׃
52 אַזוֹי טְרָאג אוֹיךְ דוּא דֵיינֶע
אֵייגֶענֶע שַׁאנְד וֶועגֶען דֵיינֶע זִינְד וָואס
דוּא הָאסְט גֶעמִשְׁפְּט דֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער,
אוּנְד וֵוייל דוּא בִּיזְט מֶעהְר אוּמְוֶוערְדִיג
גֶעוֶועזֶען וִויא זִיא אַזוֹי אִיז זִיא מֶעהְר
גֶערֶעכְט פוּן דִיר, אוּנְד דוּא מוּסְט
דִיךְ שֶׁעהֶמֶען אוּנְד טְרָאגֶען דֵיינֶע
שַׁאנְד וֵוייל דֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶערְן זֶענֶען
גֶערֶעכְטֶער וִויא דוּא׃

53 אוּנְד וָוען אִיךְ וָועל צוּרִיקבְּרֶענְגֶען
זֵייעֶרֶע גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט, דִיא גֶעפַאנְגֶענְ־
שַׁאפְט פוּן סְדוֹם אוּנְד אִיהְרֶע טֶעכְטֶער,
אוּנְד דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן שׁוֹמְרוֹן
אוּנְד אִיהְרֶע טֶעכְטֶער, אַזוֹי וָועל אִיךְ
אִיךְ צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען דֵיינֶע גֶעפַאנְגֶענְ־
שַׁאפְט צְוִוישֶׁען זֵייא:
54 כְּדֵי דוּא זָאלְסְט טְרָאגֶען דֵיינֶע
שַׁאנְדֶ, אוּנְד זָאלְסְט פֶערְשֶׁעמְט וָוערֶען
וָועגֶען אַלֶעם וָואס דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן
ווייל דוּא הָאסְט זֵייא גֶעטְרֵייסְט:
55 וָוען דֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶערְן, סְדוֹם
אוּנְד אִיהְרֶע טֶעכְטֶער וָועלֶען צוּרִיקְ־
קֶעהְרֶען צוּ זֵייעֶרֶע פְרִיהֶערִיגֶע שְׁטֶעל,
אוּנְד שׁוֹמְרוֹן אוּנְד אִיהְרֶע טֶעכְטֶער
וָועלֶען צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ זֵייעֶרֶע פְרִיהֶע־
רִיגֶע שְׁטֶעל, אַזוֹי וֶועסְט דוּא אוּנְד
דֵיינֶע טֶעכְטֶער אוֹיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ
אֵייעֶרֶע פְרִיהֶערִיגֶע שְׁטֶעל:
56 וָוארִין דֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער סְדוֹם אִיז
נִיט דֶערְמַאנְט גֶעוָוארֶען אוֹיס דֵיין
מוֹיל אִין דֶעם טָאג פוּן דֵיינֶע שְׁטָאלְצְ־
הַייט:
57 אֵיידֶער דֵיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אִיז
אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי וִויא אִין
דִיא צֵייט פוּן דִיא חֶרְפָּה פוּן דִיא
טֶעכְטֶער פוּן אֲרָם, אוּנְד פוּן אַלֶע
וָואס זֶענֶען רִינְגְס אַרוּם, דִיא טֶעכְטֶער
פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, וָואס פֶערַאכְטֶען
דִיךְ פוּן רִינְגְס אַרוּם:
58 דוּא הָאסְט אַלֵיין גֶעטְרָאגֶען (דֶעם
שְׂכַר פַאר) דֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען
אוּנְד דֵיינֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים, זָאגְט
יְהוָֹה:
59 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
אִיךְ וָועל צוּ דִיר טְהוּן אַזוֹי וִויא דוּא
הָאסְט גֶעטְהוּן, ווייל דוּא הָאסְט
פֶערַאכְטֶעט דִיא שְׁבוּעָה אוּנְד הָאסְט
פֶערְשְׁטֶערְט דֶעם בְּרִית:
60 דָאךְ וָועל אִיךְ גֶעדֶענְקֶען מֵיין
בְּרִית וָואס אִיךְ הָאבּ מִיט דִיר גֶע־
מַאכְט אִין דִיא טֶעג פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד,
אוּנְד אִיךְ וָועל צוּ דִיר מְקַיֵּים זֵיין
אַיין אֵייבִּיגֶען בְּרִית:
61 אוּנְד דוּא וֶועסְט גֶעדֶענְקֶען דֵיינֶע
וֶועגֶען אוּנְד דוּא וֶועסְט דִיךְ שֶׁעהְמֶען
וָוען דוּא וֶועסְט אָנְנֶעמֶען דֵיינֶע עֶלְטֶע־
רֶע אוּנְד יוּנְגֶערֶע שְׁוֶועסְטֶערְן, אוּנְד
אִיךְ וָועל זֵייא צוּ דִיר גֶעבֶּען פַאר
טֶעכְטֶער, אָבֶּער נִיט דוּרְךְ דֵיין בְּרִית:
62 אוּנְד אִיךְ וָועל מְקַיֵּים זֵיין מֵיין
בְּרִית מִיט דִיר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה:
63 כְּדֵי דוּא זָאלְסְט גֶעדֶענְקֶען, אוּנְד
זָאלְסְט דִיךְ שֶׁעהְמֶען, אוּנְד אַז דוּא
זָאלְסְט נִיט קֶענֶען אוֹיפְמַאכֶען דֵיין
מוֹיל פוּן וָועגֶען דֵיינֶע שַׁאנְדֶ, וָוען
אִיךְ וָועל דִיר פֶערְגֶעבֶּען פַאר אַלֶעם
וָואס דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן, זָאגְט דֶער
הַאר גָאט:

## קאפיטעל יז

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז
גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 בֶּן־אָדָם, רַאט אַ רֶעטְעֶנִעל אוּנְד
זָאג אַ מָשָׁל צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל:
3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי
זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דֶער גְרוֹיסֶער
אָדְלֶער וָואס הָאט גְרוֹיסֶע פְלִיגֶעל,
אוּנְד לַאנְגֶע אֵבָרִים, פוּל מִיט פֶעדֶערְן
וָואס זֶענֶען שֵׁיין אוּנְד גֶעפַארְבְּט, אִיז
גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם לְבָנוֹן, אוּנְד הָאט
גֶענוּמֶען דֶעם הֶעכְסְטֶען צְווייג פוּן
דֶעם טַאנֶענְבּוֹים:

4 עֶר הָאט אָפְּגֶעפְּלִיקְט דִיא אוֹיבֶּ־
בֶּערְשְׁטֶע יוּנְגֶע צְוַויינְגֶלְעךְ, אוּנְד עֶר
הָאט זִיא גֶעבְּרַאכְט אִין דֶעם הַאנְדֶעלְס
לַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַהִינְגֶעטְהוּן
אִין דִיא שְׁטָאט פוּן דִיא סוֹחֲרִים :
5 עֶר הָאט אוֹיךְ גֶענוּמֶען פוּן דֶעם
זָאמֶען פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט
זֵייא גֶעפְּלַאנְצְט אִין זָאמֶען־פֶעלְד, עֶר
הָאט עֶס אַהִינְגֶעלֵייגְט בֵּייא פִילֶע
וַואסֶערְן, אוּנְד עֶר הָאט עֶס אֵיינְגֶע־
זֶעצְט וִויא אַ בֶּערְבֶּער־בּוֹים :
6 אוּנְד עֶס הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאצְט
אוּנְד עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין אוֹיסְגֶע־
שְׁפְּרֵייטֶער וַויינ־שְׁטָאק פוּן אַ נִידְרִיגֶע
הֵייךְ, אוּנְד זֵיינֶע צְוַויינֶען הָאבֶּען זִיךְ
צוּ אִיהְם גֶעבּוֹיגֶען, אוּנְד זֵיינֶע וָוארְצֶעלְן
זֶענֶען הִינְטֶער אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוּנְד
עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַ וַויינ־שְׁטָאק, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעמַאכְט שְׁטַאנְגֶען אוּנְד
הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט צְוַויינֶען :
7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ אֵיין
אַנְדֶערֶער גְרוֹיסֶער אָדְלֶער מִיט גְרוֹיסֶע
פְלִינֶעל אוּנְד פִילֶע פֶעדֶערְן, אוּנְד
זֶעה, דֶער דָאזִיגֶער וַויינ־שְׁטָאק הָאט
צוּגֶעבּוֹיגֶען זֵיינֶע וָוארְצֶעלְן צוּ אִיהְם,
אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט
זֵיינֶע צְוַויינֶען כְּדֵי אִיהְם אוּנְצוּטְרֶענְקֶען
פוּן דִיא גְרִיבֶּער וָואס דִיא פְּלַאנְצֶער
הָאבֶּען גֶעמַאכְט :
8 עֶר וַואר דָאךְ גֶעפְּלַאנְצְט אוֹיף אַ
גוּטֶען פֶעלְד אוּנְד בֵּייא פִילֶע וַואסֶערְן,
אַז עֶר זָאל מַאכֶען צְוַויינֶען אוּנְד
טְרָאגֶען פֵּירוֹת, אַז עֶר זָאל זֵיין אַ
שְׁטַארְקֶער (גוּטֶער) וַויינ־שְׁטָק :
9 זָאג, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
וֶועט עֶר מַצְלִיחַ זֵיין ? וֶועט עֶר דֶען
נִיט אוֹיסְרֵייסֶען אִיהְרֶע וָוארְצֶעלְן, אוּנְד
דִיא פֵּירוֹת דֶערְפוּן אָפְּרֵייסֶען כְּדֵי זֵייא
זָאלֶען פֶערְדַארְט וֶוערֶען ? אוּנְד אַז
אַלֶע בְּלֶעטֶער פוּן אִיהְרֶע שְׁפְּרָאצוּנְג
זָאלֶען (אוֹיךְ) פֶערְדַארְט וֶוערֶען, אָבֶּער
דָאךְ נִיט דוּרְךְ אַ גְרוֹיסֶען אָרֶעם אוּנְד
מִיט פִיל פָאלְק אוּם עֶס אוֹיסְצוּרֵייסֶען
מִיט אִיהְרֶע וָוארְצֶעלְן :
10 אוּנְד זֶעה, חָאטְשֶׁע עֶר אִיז גֶע־
פְּלַאנְצְט וֶועט עֶר מַצְלִיחַ זֵיין ? וֶועט
עֶר נִיט אִים גַאנְצֶען פֶערְדַארְט וֶוערֶען
וֶוען אַ מִזְרַח־ווִינְד וֶועט אִיהְם
אָנְרִיהְרֶען ? יוֹא, עֶר וֶועט זָאגַאר
פֶערְדַארְט וֶוערֶען וֶוען עֶר שְׁפְּרָאצְט
בֵּייא דִיא וַואסֶער־גְרִיבֶּער :
11 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז
צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
12 זָאג דָאךְ צוּ דֶעם ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶען
הוֹיזְגֶעזִינְד, ווֵייסְט אִיהְר דֶען נִיט וָואס
דָאס דָאזִיגֶע אִיז ? זָאג, זֶעה דֶער
מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶר הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען
אִיהְר מֶלֶךְ אוּנְד אִיהְרֶע פֶערְשְׁטֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא צוּ זִיךְ גֶעבְּרַאכְט
נָאךְ בָּבֶל ;
13 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען פוּן דֶעם
קֶענִיגְלִיכֶען זָאמֶען אוּנְד עֶר הָאט מִיט
אִיהְם כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין אַ
שְׁבוּעָה, אוּנְד עֶר הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען
דִיא שְׁטַארְקְסְטֶע פוּן דֶעם לַאנְד :
14 כְּדֵי דָאס קֶענִיגְרֵייךְ זָאל זֵיין
נִידֶערִיג, אוּנְד עֶס זָאל זִיךְ נִיט דֶערְ־
הֵייבֶּען, נֵייעֶרְט עֶס זָאל בֶּעשְׁטֵיין אוּם
צוּ הִיטֶען זֵיין בְּרִית :
15 אָבֶּער עֶר הָאט קֶעגֶען אִיהְם
מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען, וָוארִין עֶר הָאט גֶע־
שִׁיקְט שְׁלוּחִים נָאךְ מִצְרַיִם אַז מֶען

זָאל אִיהם גֶעבֶּען פֶּערְד אוּנְד פִיל
לַייט, זָאל עֶר מַצְלִיחַ זַיין ? זָאל עֶר
עֶנְטְרִינֶען וָואס טְהוּט זָאלְכֶע זַאכֶען ?
אָדֶער דֶער וָואס פֶערְשְׁטֶערְט דֶעם
בְּרִית זָאל דֶער עֶנְטְרִינֶען ?
16 אַזוֹי וָואהֶר וִויא אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט
דֶער הַאר גָאט אוֹיבּ נִיט אִין דֶעם
אָרְט אַנְוָואוּ דֶער מֶלֶךְ וְואוֹינְט וָואס
הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט פַאר אַ מֶלֶךְ,
וֶועמֶעס שְׁבוּעָה עֶר הָאט פֶערַאכְטֶעט,
אוּנְד וָואס הָאט פֶערְשְׁטֶערְט זַיין בְּרִית,
אַפִילוּ מִיט אִיהְם אִין דֶער מִיטֶען פוּן
בָּבֶל זָאל עֶר שְׁטַארְבֶּען :
17 אוּנְד נִיט מִיט אַ גְרוֹיס חַיִל אוּנְד
מִיט אַ גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג וֶועט אִיהְם
פַּרְעוֹה טְהוּן (הֶעלְפֶען) אִין דֶער
מִלְחָמָה, וֶוען מֶען וֶועט אוֹיפְשִׁיטֶען אַ
שַׁאנְץ, אוּנְד אוֹיפְבּוֹיעֶן אַ פֶעסְטוּנְג צוּ
פֶערְשְׁנֵיידֶען פִיל נְפָשׁוֹת :
18 עֶר הָאט מְבַזֶה גֶעוֶועזֶען דִיא
שְׁבוּעָה אוּנְד פֶערְשְׁטֶערְט דֶעם בְּרִית,
אוּנְד זֶעה, חָאטְשֶׁע עֶר הָאט אִיהְם
דִיא הַאנְד גֶעגֶעבֶּען, דָאךְ הָאט עֶר
דָאס אַלֶעס גֶעטְהוּן, עֶר זָאל נִיט
עֶנְטְרִינֶען :
19 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
אַזוֹי וָואהֶר וִויא אִיךְ לֶעבּ, אוֹיבּ אִיךְ
וֶועל נִיט דִיא שְׁבוּעָה וָואס עֶר הָאט
מְבַזֶה גֶעוֶועזֶען אוּנְד דֶעם בְּרִית וָואס
עֶר הָאט פֶערְשְׁטֶערְט אוֹיף זַיין אֵיי־
גֶענֶעם קָאפּ צוּרִיקְגֶעבֶּען (בֶּעצָאהְלֶען) :
20 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּער אִיהְם
אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען מַיין נֶעץ אוּנְד עֶר וֶועט
גֶעכַאפְּט וֶוערֶען אִין מַיין נֶעץ, אוּנְד
אִיךְ וֶועל אִיהְם בְּרֶענְגֶען נָאךְ בָּבֶל,
אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם דָארְט מִשְׁפָּט'ן
וֶועגֶען זַיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט
קֶעגֶען מִיר גֶעזִינְדִיגְט :
21 אוּנְד אַלֶע זַיינֶע עֶנְטְלָאפֶענֶע מִיט
אַלֶע זַיינֶע מַחֲנוֹת וֶועלֶען פַאלֶען דוּרְךְ
דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד דִיא וָואס וֶועלֶען
אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען וֶועלֶען צוּשְׁפְּרֵייט וֶוערֶען
צוּ אַלֶע ווִינְדֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט
וִויסֶען אַז אִיךְ יְהֹוָה הָאבּ עֶס גֶערֶעט :
22 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִיךְ
וֶועל אוֹיךְ נֶעמֶען פוּן דֶער הֶעכְסְטֶען
צְוַויינְג פוּן דֶעם טַאנֶענְבּוֹים, אוּנְד אִיךְ
וֶועל עֶס אֵיינְזֶעצֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
אָפְּפְּלִיקֶען פוּן דֶער שְׁפִּיץ פוּן זַיינֶע
ווַייכֶע צְוַויינְג אַ יוּנְג (צְוַויינְגֶעלֶע) אוּנְד
וֶועל עֶס פְּלַאנְצֶען אוֹיף אַ הוֹיכֶען
אוּנְד בֶּערִימְטֶען בַּארְג :
23 אוֹיף דֶעם הוֹיכֶען בַּארְג פוּן
יִשְׂרָאֵל וֶועל אִיךְ עֶס פְּלַאנְצֶען, אוּנְד
עֶס וֶועט אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען צְוַויינְגֶען אוּנְד
טְרָאגֶען פֵּירוֹת אוּנְד עֶס וֶועט וֶוערֶען
אַ שֵׁיינֶער טַאנֶענְבּוֹים, אוּנְד אוּנְטֶער
אִיהְם וֶועלֶען וְואוֹינֶען אַלֶערְלֵייא גֶע־
פְלִיגֶעלְטֶע פֵייגֶעל, אִין דֶעם שָׁאטֶען
פוּן זַיינֶע צְוַויינְגֶען וֶועלֶען זַייא וְואוֹינֶען :
24 אוּנְד אַלֶע בֵּיימֶער פוּן דֶעם פֶעלְד
וֶועלֶען ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה וָואס
הָאבּ נִידֶערִיג גֶעמַאכְט דֶעם הוֹיכֶען
בּוֹים אוּנְד הָאבּ פֶערְדַארְט דֶעם
פֵייכְטֶען בּוֹים, אוּנְד דֶעם פֶערְדַארְטֶען
בּוֹים הָאבּ אִיךְ גֶעמַאכְט בְּלִיהֶען, אִיךְ
יְהֹוָה הָאבּ עֶס גֶערֶעט אוּנְד הָאבּ עֶס
גֶעטְהוּן :

קאפיטעל יח

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ
מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
2 וָואס אִיז דָאס צוּ אִיךְ דָאס אִיהְר
זָאגְט דָאס דָאזִיגֶע מָשָׁל אוֹיף אֶרֶץ
יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דִיא אָבוֹת

הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּמְצֵייטִיגֶע פֵּירוֹת
אוּנְד דִיא צֵיין פוּן דִיא קִינְדֶער זֶענֶען
שְׁלֶעכְט גֶעוָוארֶען?
3 אַזוֹי וָואהְר וִויא אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט
דֶער הַאר גָאט אוֹיבּ עֶס וֶועט נָאךְ
אַזַא מָשָׁל גֶעזָאגְט וֶוערֶען אִין יִשְׂרָאֵל:
4 זֶעה, אַלֶע נְפָשׁוֹת זֶענֶען דָאךְ מַיין,
אַזוֹי וִויא דָאס נֶפֶשׁ פוּן דֶעם פָאטֶער
אִיז מַיין אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דָאס נֶפֶשׁ פוּן
דֶעם זוּהְן, דָאס נֶפֶשׁ וָואס זִינְדִיגְט
וֶועט שְׁטַארְבֶּען:
5 אוּנְד וֶוען אַ מַאן וֶועט זַיין אַ צַדִיק
אוּנְד וֶועט טְהוּן דָאס וָואס אִיז רֶעכְט
אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט:
6 עֶר הָאט נִיט גֶעגֶעסֶען אוֹיף דִיא
בֶּערְג, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ נִיט אוֹיפְגֶע־
גֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע אוֹיגֶען צוּ דִיא אָפְּגֶעטֶער
פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
עֶר הָאט נִיט מְטַמֵא גֶעוֶועזֶען דָאס
ווייבּ פוּן זַיין חַבֶר, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
נִיט גֶענֶעהֶנְט צוּ אַ פְרוֹיא וָואס אִיז אַ
נִדָה:
7 אוּנְד עֶר הָאט קֵיין מֶענְשׁ נִיט
גֶענַארְט, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶענוּמֶען
אַ מַשְׁכּוֹן פַאר אַ חוֹב הָאט עֶר עֶס
צוּרִיקְגֶעגֶעבֶּען, עֶר הָאט נִיט קֵיין
גְזֵלָה גֶעטְהוּן, עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען (פוּן)
זַיין בְּרוֹיט צוּ דֶעם הוּנְגֶערִיגֶען, אוּנְד
עֶר הָאט דֶעם נַאקֶעטֶען צוּגֶעדֶעקְט
מִיט אַ קְלֵייד:
8 עֶר הָאט נִיט גֶעגֶעבֶּען אוֹיף רְוָחִים,
אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶענוּמֶען קֵיינֶע
פֶערְמֶעהְרוּנְג, פוּן אוּמְרֶעכְט הָאט עֶר
אַװעקְגֶעקֶעהְרְט זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר
הָאט גֶע'מִשְׁפָּט אֱמֶת צְווִישֶׁען אֵיין
מַאן אוּנְד דֶעם אַנְדֶערְן:
9 עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין מֵיינֶע גֶע־
זֶעץ אוּנְד עֶר הָאט גֶעהִיט מֵיינֶע
מִשְׁפָּטִים צוּ טְהוּן דָאס וָואס אִיז אֱמֶת,
עֶר אִיז אַ צַדִיק, עֶר זָאל גֶעווִיס
לֶעבֶּען, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:
10 אוּנְד וֶוען עֶר גֶעווִינְט אַ זוּהְן
וָואס אִיז אַ פֶערְבְּרֶעכֶער אוּנְד פֶערְ־
גִיסְט בְּלוּט, אוּנְד עֶר וֶועט טְהוּן צוּ
אַ בְּרוּדֶער אֵיינְס פוּן דִיא דָאזִיגֶע
זַאכֶען:
11 חָאטְשֶׁע עֶר טְהוּט נִיט אַלֶע דִיא
דָאזִיגֶע זַאכֶען, נֵייעֶרְט עֶר הָאט גֶע־
גֶעסֶען אוֹיף דִיא בֶּערְג, אָדֶער עֶר
הָאט מְטַמֵא גֶעוֶועזֶען זַיין חַבֶר'ס
ווייבּ:
12 דֶעם אָרֶעמֶען אוּנְד בֶּעדִירְפְטִיגֶען
הָאט עֶר גֶענַארְט, עֶר הָאט אַ גְזֵלָה
גֶעטְהוּן, אַ מַשְׁכּוֹן הָאט עֶר נִיט
צוּרִיקְגֶעגֶעבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְ־
גֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע אוֹיגֶען צוּ דִיא אָפְּגֶעטֶער,
עֶר הָאט גֶעטְהוּן אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים:
13 עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען אוֹיף רְוָחִים,
אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען פֶערְמֶעהְרוּנְג,
אוּנְד זָאל עֶר לֶעבֶּען? עֶר זָאל נִיט
לֶעבֶּען, עֶר הָאט גֶעטְהוּן אַלֶע דִיא
דָאזִיגֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים, עֶר זָאל
גֶעווִיס שְׁטַארְבֶּען, זַיין בְּלוּט זָאל אוֹיף
אִיהְם זַיין:
14 אוּנְד זֶעה, וֶוען עֶר גֶעווִינְט אַ
זוּהְן, אוּנְד זֶעהְט אַז זַיין פָאטֶער טְהוּט
אַלֶע דִיזֶע זִינְד, אוּנְד חָאטְשֶׁע עֶר
זֶעהְט עֶס, דָאךְ טְהוּט עֶר נִיט אַזַאלְכֶע:
15 עֶר הָאט נִיט גֶעגֶעסֶען אוֹיף דִיא
בֶּערְג, אוּנְד זַיינֶע אוֹיגֶען הָאט עֶר
נִיט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען צוּ דִיא אָפְּגֶעטֶער
פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
עֶר הָאט נִיט מְטַמֵא גֶעוֶועזֶען זַיין
חַבֶר'ס ווייבּ:



אונד

16 אוּנְד עֶר הָאט קֵיינֶעם נִיט גֶע־
נַארְט, עֶר הָאט נִיט אָנְגֶענוּמֶען קֵיין
מַשְׁכּוֹן, אוּנְד עֶר הָאט קֵיינֶע גְזֵלָה
גֶעטְהוּן, זֵיין בְּרוֹיט הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען
צוּ דֶעם הוּנְגְרִיגֶען, אוּנְד דֶעם נַאקֶעטֶען
הָאט עֶר בֶּעדֶעקְט מִיט אַ קְלֵייד:
17 פוּן דֶעם אָרֶעמֶען הָאט עֶר אָפְּ־
גֶעטְהוּן זֵיינֶע הַאנְד, רְוָחִים אוּנְד
פֶּערְמֶעהְרוּנְג הָאט עֶר נִיט גֶענוּמֶען,
עֶר הָאט רֶעכְט גֶעטְהוּן, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעגַאנְגֶען אִין מֵיינֶע גֶעזֶעץ, עֶר זָאל
נִיט שְׁטַארְבֶּען וֶועגֶען דִיא זִינְד פוּן
זֵיין פָאטֶער, עֶר זָאל גֶעווִיס לֶעבֶּען:
18 אָבֶּער זֵיין פָאטֶער, ווייל עֶר הָאט
זֶעהְר אוּנְטֶערְדְרִיקְט, אוּנְד הָאט גַאנְץ
בֶּעגַזְלֶת זֵיין בְּרוּדֶער, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעטְהוּן דָאס וָואס אִיז נִיט גוּט צְווִישֶען
זֵיין פָאלְק, אַזוֹי זֶעה, עֶר וֶועט שְׁטַארְבֶּען
אִין זֵיינֶע זִינְד:
19 אוּנְד דָאךְ זָאגְט אִיהְר, פַאר וָואס?
זָאל נִיט דֶער זוּהְן טְרָאגֶען (אָדֶער
לֵיידֶען פַאר) דִיא זִינְד פוּן דֶעם פָאטֶער?
וֶוען דֶער זוּהְן טְהוּט רֶעכְט אוּנְד
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, עֶר הִיט אַלֶע מֵיינֶע
גֶעזֶעץ אוּנְד טְהוּט זֵייא, עֶר זָאל גֶעווִיס
לֶעבֶּען:
20 דָאס נֶפֶשׁ וָואס זִינְדִיגְט זָאל
שְׁטַארְבֶּען, דֶער זוּהְן זָאל נִיט לֵיידֶען
פַאר דִיא זִינְד פוּן דֶעם פָאטֶער, אוּנְד
דֶער פָאטֶער זָאל נִיט לֵיידֶען פַאר דִיא
זִינְד פוּן דֶעם זוּהְן, דָאס צִדְקַת פוּן
דֶעם צַדִיק זָאל אוֹיף אִיהְם זֵיין, אוּנְד
דָאס רִשְׁעַת פוּן דֶעם רָשָׁע זָאל אוֹיף
אִיהְם זֵיין:
21 אוּנְד וֶוען דֶער רָשָׁע קֶעהְרְט זִיךְ
אוּם פוּן אַלֶע זֵיינֶע זִינְד וָואס עֶר
הָאט גֶעטְהוּן אוּנְד הִיט אַלֶע מֵיינֶע
גֶעזֶעץ אוּנְד טְהוּט רֶעכְט אוּנְד גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט, עֶר זָאל גֶעווִיס לֶעבֶּען,
עֶר זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען:
22 אַלֶע זֵיינֶע זִינְדֶען וָואס עֶר הָאט
גֶעטְהוּן זָאל צוּ אִיהְם נִיט גֶעדַאכְט
וֶוערֶען, דוּרְךְ זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס
עֶר טְהוּט זָאל עֶר לֶעבֶּען:
23 פֶּערְלַאנְג אִיךְ דֶען דֶעם טוֹיט פוּן
דֶעם רָשָׁע? זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
אִיז עֶס נִיט פִיל מֶעהְר אַז עֶר זָאל
זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען פוּן זֵיינֶע בֵּייזֶע וֶועגֶען
כְּדֵי עֶר זָאל לֶעבֶּען?
24 אָבֶּער וֶוען דֶער צַדִיק קֶעהְרְט
זִיךְ אוּם פוּן זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד
עֶר טְהוּט אוּמְרֶעכְט אוּנְד עֶר טְהוּט
נָאךְ אַלֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים וָואס
דֶער רָשָׁע טְהוּט, זָאל עֶר לֶעבֶּען?
אַלֶע זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס עֶר
הָאט גֶעטְהוּן זָאל נִיט גֶעדַאכְט וֶוערֶען,
אִין זֵיינֶע אִיבֶּערטְרֶעטוּנְג וָואס עֶר
הָאט אִיבֶּערְטְרֶעטֶען, אוּנְד אִין זֵיינֶע
זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט, אִין
זֵייא זָאל עֶר שְׁטַארְבֶּען:
25 אוּנְד דָאךְ זָאגְט אִיהְר אַז דֶער
וֶועג פוּן דֶעם הַאר אִיז נִיט רֶעכְט;
הֶערְט דָאךְ, אוֹי אִיהְר הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל, אִיז נִיט מֵיין וֶועג רֶעכְט? אִיז
עֶס דֶען נִיט פִיל מֶעהְר אַז אֵייעֶר וֶועג
אִיז נִיט רֶעכְט?
26 וֶוען אַ צַדִיק קֶעהְרְט זִיךְ אוּם פוּן
זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד עֶר טְהוּט
אוּמְרֶעכְט, אוּנְד שְׁטַארְבְּט דַארִין, (אַזוֹי
אִיז עֶס) וֶועגֶען זֵיין אוּמְרֶעכְט וָואס
עֶר הָאט גֶעטְהוּן זָאל עֶר שְׁטַארְבֶּען:
27 אוּנְד וֶוען דֶער רָשָׁע קֶעהְרְט זִיךְ
אוּם פוּן זֵיין רִשְׁעַת וָואס עֶר הָאט
גֶעטְהוּן, אוּנְד עֶר טְהוּט רֶעכְט אוּנְד

גֶערֶעכְטִיגְקַייט, עֶר זָאל זַיין נֶפֶשׁ בַּיים
לֶעבֶּען דֶערְהַאלְטֶען ׃
28 וַוייל עֶר הָאט אַיינְגֶעזֶעהֶען אוּנְד
הָאט זִיךְ אַװעקְגֶעקֶעהְרְט פוּן אַלֶע
זַיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, עֶר
זָאל גֶעװִיס לֶעבֶּען, עֶר זָאל נִיט
שְׁטַארְבֶּען ׃
29 אוּנְד דָאךְ זָאגְט דָאס הויזְגֶעזִינְד
פוּן יִשְׂרָאֵל, דֶער װעג פוּן דֶעם הַאר
אִיז נִיט רֶעכְט; זֶענֶען דֶען מַיינֶע
װעגֶען נִיט רֶעכְט, אוֹי הויזְגֶעזִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל? זֶענֶען דֶען נִיט פִיל מֶעהְר
אַייעֶרֶע װעגֶען נִיט רֶעכְט?
30 דַארוּם װעל אִיךְ אִיטְלִיכֶען פוּן
אַייךְ נָאךְ זַיין װעג מִשְׁפָּט'ן, אוֹי הויז־
גֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל! טְהוּט תְּשׁוּבָה
אוּנְד קֶעהְרְט אַייךְ אוּם פוּן אַלֶע
אַייעֶרֶע זִינְדֶען, אַזוֹי װעלֶען אַייעֶרֶע זִינְד
נִיט מֶעהְר צוּ אַייךְ זַיין אַ שְׁטְרוּיכְ־
לוּנְג ׃
31 װַארְפְט פוּן אַייךְ אַװעק אַלֶע
אַייעֶרֶע זִינְד מִיט װעלְכֶע אִיהְר הָאט
גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד מַאכְט אַייךְ אַ נַייא
הַארְץ, אוּנְד אַ נַייעֶן גַייסְט, װָארִין
פַאר װָאס זָאלְט אִיהְר שְׁטַארְבֶּען, אוֹי
הויזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל?
32 װָארִין אִיךְ בֶּעגֶעהְר נִיט דֶעם
טוֹיט פוּן דֶעם װָאס שְׁטַארְבְּט, זָאגְט
דֶער הַאר גָאט, דַארִיבֶּער טְהוּט
תְּשׁוּבָה אוּנְד בְּלַייבְּט דָאךְ לֶעבֶּען ׃

## קאפיטעל יט

1 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיפְהֵייבֶּען אַ
קְלָאג װעגֶען דִיא נְשִׂיאִים פוּן יִשְׂרָאֵל ׃
2 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, װָאס אִיז
דַיינֶע מוּטֶער? אַ לֵייבִּין, זִיא הָאט
זִיךְ אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט צְוִוישֶׁען דִיא לֵייבֶּען,
זִיא הָאט אִיהְרֶע יוּנְגֶע לֵייבֶּען אוֹיפְ־
גֶעבְּרַאכְט צְוִוישֶׁען דִיא שְׁטַארְקֶע
לֵייבֶּען ׃
3 זִיא הָאט אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אַיינֶעם
פוּן אִיהְרֶע יוּנְגֶען אוּנְד עֶר אִיז גֶעװָאר־
רֶען אַ שְׁטַארְקֶער לֵייב, עֶר הָאט
גֶעלֶערְנְט צוּ פֶערְצִיקֶען, עֶר הָאט
מֶענְשֶׁען גֶעפְרֶעסֶען ׃
4 אוּנְד װען דִיא פֶעלְקֶער הָאבֶּען פוּן
אִיהְם גֶעהֶערְט אַזוֹי הָאבֶּען זַייא
אִיהְם גֶעחַאפְּט אִין זַייעֶר גְרוּב, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט מִיט
קֵייטֶען צוּ דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם ׃
5 אוּנְד װען זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען
נָאכְדֶעם זִיא הָאט גֶעװַארְט, אַז אִיהְרֶע
הָאפְנוּנְג אִיז פֶערְלוֹירֶען, אַזוֹי הָאט
זִיא (װִידֶער) גֶענוּמֶען אַיינֶעם פוּן דִיא
יוּנְגֶע לֵייבֶּען אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם
גֶעמַאכְט (פַאר אַ שְׁטַארְקֶען לֵייב) ׃
6 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צְוִוישֶׁען
דִיא לֵייבֶּען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעװָארֶען אַ
שְׁטַארְקֶער לֵייב, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
לֶערְנְט צוּ חַאפֶּען (אָדֶער פֶערְצוּקֶען),
עֶר הָאט מֶענְשֶׁען גֶעפְרֶעסֶען ׃
7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעװוּסְט דִיא
אַלְמָנוֹת (זַייעֶרֶע װִיסְטֶע פַּאלַאסְטֶען),
אוּנְד עֶר הָאט חָרוּב גֶעמַאכְט זַייעֶרֶע
שְׁטֶעט, אוּנְד דָאס לַאנְד אִיז פֶערְװִיסְט
גֶעװָארֶען, אוּנְד אִיז גֶעװֶעזֶען פוּל פוּן
װעגֶען דֶעם קוֹל פוּן זַיין גֶעשְׁרֵייא ׃
8 אוּנְד עֶס הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער אִיהְם
פֶערְזַאמֶעלְט גוֹיִם פוּן רִינְגְס אַרוּם
דִיא מְדִינוֹת, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיבֶּער
אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט זַייעֶר נֶעץ, אוּנְד
עֶר אִיז גֶעחַאפְּט גֶעװָארֶען אִין זַייעֶר
גְרוּב ׃
9 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאסֶען
מִיט קֵייטֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם

גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ נָאךְ בָּבֶל,
זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין
דִיא פֶּעסְטוּנְג כְּדֵי מֶען זָאל נִיט מֶעהְר
הֶערֶען זֵיין קוֹל אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן
יִשְׂרָאֵל׃
10 דֵיינֶע מוּטֶער אִיז וִויא אַ ווַיינְ־
שְׁטָאק אִין דֵיין גְלַייכֶנִים בַּייא דֶעם
וַואסֶער גֶעפְּלַאנְצְט, אִיהְרֶע פְּרוּכְט
אוּנְד צְווַייגֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן
וֶועגֶען דִיא פִילֶע וַואסֶערְן׃
11 אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט שְׁטַארְקֶע
שְׁטֶעקֶען, אוּנְד רוּטֶער פַאר דִיא גֶע־
וֶועלְטִיגֶערְס, אוּנְד אִיהְרֶע הֵייךְ אִיז
דֶערְהוֹיבֶּען גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען דִיא
דִיקֶע צְווַייגֶען, אוּנְד זִיא אִיז אִין אִיהְרֶע
הֵייךְ גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען וֶועגֶען דִיא
פִילֶע צְווַייגֶען׃
12 אָבֶּער זִיא אִיז אָפְּגֶעבְּרָאכֶען גֶע־
וָוארֶען אִין דֶעם גְרִימְצָארְן, אוּנְד צוּ
דֶער עֶרְד גֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד
דֶער מִזְרַח־ווִינְד הָאט פֶערְדַארְט אִיהְרֶע
פֵּירוֹת, זֵייא זֶענֶען אָפְּגֶעְרִיסֶען אוּנְד
פֶערְדַארְט גֶעוָוארֶען, אִיהְר שְׁטַארְקֶען
שְׁטֶעקֶען הָאט אַ פֵייעֶר פֶערְבְּרֶענְט׃
13 אוּנְד אַצוּנְד אִיז זִיא גֶעפְּלַאנְצְט
אִין דֶער מִדְבָּר, אִין אַ טְרוּקֶען אוּנְד
אַ דוּרְשְׁטִיג לַאנְד׃
14 אוּנְד עֶס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַ
פֵייעֶר פוּן אַ שְׁטֶעקֶען פוּן אִיהְרֶע
צְווַייגֶען, וָואס הָאט פֶערְבְּרֶענְט אִיהְרֶע
פֵּירוֹת, אוּנְד עֶס אִיז שׁוֹין נִיט מֶעהְר
אִין אִיהְר גֶעוֶועזֶען אַ שְׁטַארְקֶער
שְׁטֶעקֶען צוּ זֵיין אַ רוּט צוּ גֶעוֶועלְטִיר־
גֶען, זִיא אִיז אַ קְלָאג, אוּנְד זִיא אִיז
גֶעוָוארֶען צוּ אַ קְלָאג׃

קאפיטעל כ

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
זִיבֶּעטֶען יָאהְר, אִין דֶעם פִינְפְטֶען
חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם צֶעהְנְטֶען טָאג פוּן
חוֹדֶשׁ, זֶענֶען גֶעקוּמֶען מֶענֶער פוּן דִיא
עֶלְטסְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל צוּ פָארְשֶׁען גָאט,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעזֶעסֶען פַאר מִיר׃
2 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ
מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
3 בֶּן־אָדָם, רֶעד צוּ דִיא עֶלְטסְטֶע
פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא
זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
וֶוענְט אִיהְר גֶעקוּמֶען מִיךְ צוּ פָארְשֶׁען?
אַזוֹי וָואהְר וִויא אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט דֶער
הַאר גָאט, אוֹיבּ אִיךְ וֶועל פוּן אַייךְ
גֶעפָארְשְׁט וֶוערֶען׃
4 וֶוען דוּא ווִילְסְט טַאקֶע מִיט זֵייא
אַ וִויכּוּחַ הָאבֶּען? ווִילְסְט דוּא זֵייא
מִשְׁפָּט'ן בֶּן־אָדָם? אַזוֹי לָאז זֵייא
וִויסֶען דִיא אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים פוּן
זֵייעֶרֶע אָבוֹת׃
5 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִין דֶעם
טָאג וֶוען אִיךְ הָאבּ יִשְׂרָאֵל אוֹיסְדֶערְ־
ווֵיילְט, אוּנְד הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע
הַאנְד צוּ דֶעם זָאמֶען פוּן דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד יַעֲקוֹב, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ
צוּ זֵייא בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט אִין דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם, וֶוען אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶע־
הוֹיבֶּען מֵיינֶע הַאנְד צוּ זֵייא אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, אִיךְ בִּין יְהוָֹה אֵייעֶר גָאט׃
6 אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג וֶוען אִיךְ
הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע הַאנְד צוּ
זֵייא כְּדֵי זֵייא אַרוֹיסְצוּבְּרֶענְגֶען פוּן
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, (אַרֵיינְצוּבְּרֶענְגֶען)
אִין אַ לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ פַאר
זֵייא אוֹיסְגֶעזֶעהֶען, וָואס פְלִיסְט מִיט
מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג, וָואס אִיז דָאס
שֶׁענְסְטֶע פוּן אַלֶע לֶענְדֶער׃

אוּנד

7 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
לָאז אִיטְלִיכֶער מַאן אַוֶועקְוַוארְפֶען דִיא
אוּמְוֶוערְדִיגֶע גֶעצֶען פוּן זַיינֶע אוֹיגֶען,
אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט מְטַמֵא
זַיין מִיט דִיא אָפְּגֶעטֶער פוּן מִצְרַיִם,
אִיךְ בִּין יְהֹוָה אֵייעֶר גָאט׃
8 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען קֶעגֶען מִיר
מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט
גֶעוָואלְט צוּ מִיר צוּהֶערֶען, קֵיין מַאן
הָאט נִיט אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען דִיא אוּמְ־
וֶוערְדִיגֶע גֶעצֶען פוּן זַיינֶע אוֹיגֶען,
אוּנְד דִיא אָפְּגֶעטֶער פוּן מִצְרַיִם הָאבֶּען
זַייא נִיט פֶערְלָאזֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ
גֶעטְרַאכְט מֵיין גְרִימְצָארְן אִיבֶּער זַייא
אוֹיסְצוּגִיסֶען כְּדֵי זַייא צוּ פֶערְטִילְגֶען
מִיט מֵיין צָארְן אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם׃
9 אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעטְהוּן פוּן
מֵיין נָאמֶענְס וֶועגֶען אַז עֶר זָאל נִיט
פֶערְשְׁוֶועכְט וֶוערֶען פַאר דִיא אוֹיגֶען
פוּן דִיא גוֹיִם צְווִישֶׁען וֶועלְכֶע זַייא
זָענֶען, וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ צוּ זַייא
בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט פַאר זַיירֶע אוֹיגֶען
כְּדֵי זַייא אַרוֹיסְצוּבְּרֶענְגֶען פוּן דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם׃
10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא אַרוֹיסְגֶע־
בְּרַאכְט אוֹיס דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ זַייא אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט אִין דֶער
מִדְבָּר׃
11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען
מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ זַייא
בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים,
וֶועלְכֶע וֶוען אַ מֶענְשׁ טְהוּט זַייא, אַזוֹי
זָאל עֶר דוּרְךְ זַייא לֶעבֶּען׃
12 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ צוּ זַייא
גֶעגֶעבֶּען מֵיינֶע שַׁבָּתִים, כְּדֵי זַייא
זָאלֶען זַיין אַ צֵייכֶען צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד
צְווִישֶׁען זַייא אַז זַייא זָאלֶען וִויסֶען אַז
אִיךְ בִּין יְהֹוָה וָואס הֵיילִיגְט זַייא׃
13 אָבֶּער דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל
הָאט קֶעגֶען מִיר מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען אִין
דֶער מִדְבָּר, זַייא זָענֶען נִיט גֶעגַאנְגֶען
אִין מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים
הָאבֶּען זַייא פֶערְאַכְטֶעט, וֶועלְכֶע וֶוען
אַ מֶענְשׁ טְהוּט זַייא אַזוֹי זָאל עֶר
דוּרְךְ זַייא לֶעבֶּען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
מֵיינֶע שַׁבָּתִים גַאנְץ מְחַלֵל גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט אִיבֶּער זַייא
אוֹיסְצוּגִיסֶען מֵיין גְרִימְצָארְן אִין דֶער
מִדְבָּר כְּדֵי זַייא צוּ פֶערְטִילְגֶען׃
14 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ עֶס (נִיט) גֶעטְהוּן
פוּן מֵיין נָאמֶענ'ס וֶועגֶען, כְּדֵי עֶר
זָאל נִיט פֶערְשְׁוֶועכְט וֶוערֶען פַאר דִיא
אוֹיגֶען פוּן דִיא גוֹיִם וָואס אִיךְ הָאבּ
זַייא פַאר זַיירֶע אוֹיגֶען אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט׃
15 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבּ־
בֶּען צוּ זַייא מֵיינֶע הַאנְד אִין דֶער
מִדְבָּר אַז אִיךְ זָאל זַייא נִיט אַרַיינְ־
בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ
צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען, וָואס פְלִיסְט מִיט
מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג אוּנְד וָואס אִיז דָאס
שֶׁענְסְטֶע פוּן אַלֶע לֶענְדֶער׃
16 ווייל זַייא הָאבֶּען פֶערְאַכְטֶעט
מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, אוּנְד זַייא זָענֶען נִיט
גֶעגַאנְגֶען אִין מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען מֵיינֶע שַׁבָּתִים מְחַלֵל גֶעוֶועזֶען,
גְוַייעֶרְט זַייא זָענֶען מִיט זַיירֶע הֶערְצֶער
נָאכְגֶעגַאנְגֶען זַיירֶע אָפְּגֶעטֶער׃
17 אָבֶּער מֵיין אוֹיג הָאט זִיךְ אִיבֶּער
זַייא דֶערְבַּארְמְט אַז אִיךְ הָאבּ זַייא
נִיט פֶערְדָארְבֶּען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא
אוֹיךְ נִיט אִים גַאנְצֶען פֶערְטִילְגְט אִין
דֶער מִדְבָּר׃
18 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט צוּ זַיירֶע
קִינְדֶער אִין דֶער מִדְבָּר, אִיהְר זָאלְט

נִיט גֵיין אִין דִיא גֶעזֶעץ פוּן אֵייעֶרֶע
אָבוֹת, אוּנְד זֵייעֶרֶע מִשְׁפָּטִים זָאלְט
אִיהְר נִיט הִיטֶען, אוּנְד מִיט זֵייעֶרֶע
גֶעצֶען זָאלְט אִיהְר אֵייךְ נִיט מְטַמֵא
זַיין׃

19 אִיךְ בִּין יְהֹוָה, אִיהְר זָאלְט גֵיין
אִין מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים
זָאלְט אִיהְר הִיטֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט
זֵייא טְהוּן׃

20 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הֵיילִיגֶען מֵיינֶע
שַׁבָּתִים, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זַיין פַאר אַ
צֵייכֶען צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד צְווִישֶׁען
אֵייךְ, כְּדֵי צוּ ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה
אֵייעֶר גָאט׃

21 אוּנְד דִיא קִינְדֶער הָאבֶּען קֶעגֶען
מִיר ווִידֶערְגֶעשְׁפֶּעניגְט זֵייא זֶענֶען נִיט
גֶעגַאנְגֶען אִין מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען נִיט גֶעהִיט מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים
זֵייא צוּ טְהוּן, ווֶעלְכֶע ווֶען אַ מֶענְשׁ
טְהוּט זֵייא, זָאל עֶר דוּרְךְ זֵייא לֶעבֶּען,
זֵייא הָאבֶּען מֵיינֶע שַׁבָּתִים מְחַלֵל
גֶעוֶועזֶען – אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט
מֵיין גְרִימְצָארְן אִיבֶּער זֵייא אוֹיסְצוּ־
גִיסֶען כְּדֵי צוּ פֶערְלֶענְדֶען מֵיין צָארְן
קֶעגֶען זֵייא אִין דֶער מִדְבָּר׃

22 אָבֶּער דָאךְ הָאבּ אִיךְ מֵיינֶע הַאנְד
צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען, אוּנְד דָאס הָאבּ אִיךְ
גֶעטְהוּן ווֶעגֶען מֵיין נָאמֶענְ׳ס ווִילֶען
כְּדֵי אִיךְ זָאל זֵייא נִיט פֶערְשְׁוועכֶען
פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא פֶעלְקֶער
פַאר ווֶעלְכֶע אִיךְ הָאבּ זֵייא אַרוֹיסְ־
גֶעבְּרַאכְט׃

23 אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
קֶעגֶען זֵייא מֵיינֶע הַאנְד אִין דֶער
מִדְבָּר, כְּדֵי זֵייא צוּ פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען
צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם, אוּנְד זֵייא צוּ פֶער־
שְׁפְּרֵייטֶען אִין דִיא לֶענְדֶער׃

24 ווַייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעטְהוּן
מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
פֶערְוָוארְפֶען מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען מְחַלֵל גֶעוֶועזֶען מֵיינֶע שַׁבָּתִים,
אוּנְד זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען נָאךְ
דִיא אָפְּגֶעטֶער פוּן זֵייעֶרֶע אָבוֹת׃

25 דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ צוּ זֵייא
גֶעגֶעבֶּען גֶעזֶעץ ווָאס זֶענֶען נִיט גוּט
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד מִשְׁפָּטִים דוּרְךְ ווֶעלְכֶע
זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט לֶעבֶּען׃

26 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא אוֹיךְ מְטַמֵא
גֶעוֶועזֶען מִיט זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע מַתָּנוֹת,
ווַייל זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט אִיבֶּערְ־
פָארֶען (דוּרְךְ דֶעם פַייעֶר) אַלֶעס ווָאס
עֶפֶּענְט דֶעם מוּטֶערְלֵייבּ, כְּדֵי אִיךְ זָאל
זֵייא פֶערְווִיסְטֶען, אוּנְד כְּדֵי זֵייא זָאלֶען
ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה׃

27 דַארוּם, בֶּן־אָדָם, רֶעד צוּ דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער
הַאר גָאט, נָאךְ אִין דֶעם דָאזִיגֶען
הָאבֶּען מִיךְ אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן גֶעלֶעסְ־
טֶערְט, ווַייל זֵייא הָאבֶּען קֶעגֶען מִיר
גֶעזִינְדִיגְט׃

28 ווָארִין ווֶען אִיךְ הָאבּ זֵייא אַרֵיינְ־
גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם לַאנְד פַאר ווֶעלְכֶעס
אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע הַאנְד
עֶס צוּ זֵייא צוּ גֶעבֶּען, אַזוֹי הָאבֶּען
זֵייא גֶעזֶעהֶען אִיטְלִיכֶען הוֹיכֶען הִיגֶעל
(בַּארְג) אוּנְד אִיטְלִיכֶען דִיקֶען בּוֹים,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָארְטֶען מַקְרִיב
גֶעוֶועזֶען זֵייעֶרֶע זְבָחִים, כְּדֵי מִיךְ דָארְטֶען
צוּ דֶערְצָארְנֶען מִיט זֵייעֶרֶע קָרְבָּנוֹת,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָארְטֶען אוֹיךְ גֶע־
טְהוּן זֵייעֶר רֵיחַ נִיחוֹחַ, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען דָארְטֶען אוֹיךְ אוֹיסְגֶעגָאסֶען
זֵייעֶרֶע נְסָכִים׃

29 אַזוי האָב איך צו זייא געזאָגט,
וואָס איז דאָס פאַר אַ במה דאָס איהר
קומט דאָרט אַהין? אונד דער נאָמען
דערפון ווערט אָנגערופען במה ביז צום
היינטיגען טאָג:
30 דאַרום זאָג צו דעם הויזגעזינד
פון ישראל, אַזוי זאָגט דער האַר גאָט,
האָט איהר אייך מטמא געוועזען נאָך
דעם שטייגער פון אייערע עלטערן?
אונד נאָך זייערע אומווערדיגע מעשים
האָט איהר אייך מזנה געוועזען?
31 אונד ווען איהר ברענגט אייערע
מתנות, אונד איהר מאַכט דערמיט
אייערע קינדער דורכפאָהרען דורך דעם
פייער, אַזוי טהוט איהר אייך מטמא
זיין מיט אַלע אייערע אָפּגעטער ביז
צום היינטיגען טאָג, אונד זאָל איך
פון אייך אָנגעפרעגט ווערען, אָ הויז־
געזינד פון ישראל? אַזוי וואָהר וויא
איך לעב זאָגט דער האַר גאָט, אויב
איך וועל פון אייך אָנגעפרעגט ווערען:
32 אונד דאָס וואָס גייט אויף אין
אייערע געדאַנקען דאָס וועט גאָרניט
זיין, אונד דאָס וואָס איהר זאָגט, מיר
וועלען זיין אַזוי וויא דיא גוים, אַזוי
וויא דיא משפחות פון דיא לענדער,
צו דינען האָלץ אונד שטיין:
33 אַזוי וואָהר וויא איך לעב, זאָגט
דער האַר גאָט, אויב איך וועל ניט
איבער זייא רעגירען מיט אַ שטאַרקע
האַנד, אונד מיט איין אויסגעשטרעקטען
אָרעם, אונד מיט אויסגעגאָסענעם
גרימצאָרן:
34 אונד איך וועל אייך אַרויסברענגען
פון דיא פעלקער, אונד איך וועל
אייך זאַמעלן פון דיא לענדער וואָס
איהר זענט צוּוישען זייא פערשפּרייט,
מיט אַ שטאַרקע האַנד, אונד מיט איין
אויסגעשטרעקטען אָרעם, אונד מיט
אויסגעגאָסענעם גרימצאָרן:
35 אונד איך וועל אייך אַריינברענגען
אין דיא מדבר פון דיא פעלקער,
אונד דאָרט וועל איך אייך משפט'ן
(אָדער שטראָפען) פנים אל פנים:
36 אַזוי וויא איך האָב געמשפט
(געשטראָפט) אייערע עלטערן אין דער
מדבר פון דעם לאַנד מצרים, גראַד
אַזוי וועל איך אייך שטראָפען, זאָגט
דער האַר גאָט:
37 אונד איך וועל אייך איבערפיהרען
אונטער דער רוט, אונד איך וועל
אייך אַריינברענגען אין דעם כריתות
הברית:
38 אונד איך וועל פון אייך אָוועקר
ריימען דיא וואָס זענען מורד אונד
זינדיגען קעגען מיר, פון דעם לאַנד
אַוואו זייא האַלטען זיך אויף וועל
איך זייא אַרויסברענגען, אָבער נאָך
ארץ ישראל זאָלען זייא ניט אַריינ־
קומען, אונד איהר וועט ווסען אַז איך
בין יהוה:
39 אָבער וועגען אייך, אָ הויז ישראל,
אַזוי זאָגט דער האַר גאָט, גייט אַהין,
דינט איטליכער זיינע געצען, אונד
דאָך נאָכדעם ווען איהר ווילט מיר
ניט געהאָרכען,—אָבער איהר זאָלט
ניט מעהר מחלל זיין מיין הייליגען
נאָמען מיט אייערע מתנות אונד מיט
אייערע אָפּגעטער:
40 וואָרין אויף מיין הייליגען באַרג,—
דיא הויכע בערג פון ישראל—זאָגט
דער האַר גאָט, דאָרט אין דעם לאַנד
וועלען מיר דאָס גאַנצע הויזגעזינד
פון ישראל דינען, דאָרטען וועל איך

זַייא בֶּעוַויילִיגֶען, אוּנְד דָארְטֶען וֶועל
אִיךְ פֶערְלַאנְגֶען אֵיירֶע תְּרוּמוֹת, אוּנְד
דָאס עֶרְשְׁטֶע פוּן אֵיירֶע פֵּירוֹת אִין
אַלֶע אֵיירֶע הֵיילִיגְקֵייטֶען:
41 אִיךְ וֶועל אֵייךְ בֶּעוַויילִיגֶען מִיט
אַ נַחַת רוּחַ, וֶוען אִיךְ וֶועל אֵייךְ
אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען פוּן דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד
וֶוען אִיךְ וֶועל אֵייךְ זַאמֶעלְן פוּן דִיא
לֶענְדֶער אַוְואוּ אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען
צוּשְׁפְּרֵייט, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִין אֵייךְ
גֶעהֵיילִיגְט וֶוערֶען, אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן
דִיא פֶעלְקֶער:
42 אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ
בִּין יְהֹוָה, וֶוען אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַרֵיינְ־
בְּרֶענְגֶען נָאךְ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, צוּ דֶעם
לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
מֵיינֶע הַאנְד (צוּ שְׁוֶוערֶען) כְּדֵי עֶס צוּ
גֶעבֶּען צוּ אֵיירֶע אָבוֹת:
43 אוּנְד דָארְטֶען וֶועט אִיהְר גֶעדֶענְ־
קֶען אָן אֵיירֶע וֶועגֶען, אוּנְד אַלֶע
אֵיירֶע (בֵּייזֶע) מַעֲשִׂים מִיט וֶועלְכֶע
אִיהְר הָאט אֵייךְ מְטַמֵּא גֶעוֶועזֶען, אוּנְד
אִיהְר וֶועט אֵייךְ אַלֵיין פֶערְעֶקֶעלְן פוּן
אַלֶע אֵיירֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים וָואס אִיהְר
הָאט גֶעטְהוּן:
44 אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ
בִּין יְהֹוָה, וֶוען אִיךְ וֶועל זָאלְכֶעס טְהוּן
מִיט אֵייךְ פוּן מֵיין נָאמֶענ'ס וֶועגֶען,
עֶס אִיז נִיט אַזוֹי וִויא אֵיירֶע שְׁלֶעכְטֶע
וֶועגֶען אוּנְד וִויא אֵיירֶע פֶערְדָארְבֶּענֶע
מַעֲשִׂים, אָ הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל זָאגְט
דֶער הַאר גָאט:

קאפיטעל כא

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ
מִיר (וִוידֶער) גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 בֶּן־אָדָם, טְהוּא דֵיין פָּנִים אוֹיף
דֶעם וֶועג קֵיין דָרוֹם־זֵייט, לָאז זֵיין
דֵיין וָוארְט אוֹיף דָרוֹם־זֵייט, אוּנְד זָאג
נְבִיאוֹת קֶעגֶען דֶעם וַואלְד פוּן דָרוֹם־זֵייט:
3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ דֶעם
וַואלְד פוּן דָרוֹם־זֵייט, הֶער דָאס
וָוארְט פוּן גָאט, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
גָאט, זֶעה אִיךְ וֶועל אִין דִיר אָנְצִינְדֶען
אַ פֵייעֶר אוּנְד דָאס וֶועט אִין דִיר
פֶערְבְּרֶענֶען אִיטְלִיכֶען פֵייכְטֶען בּוֹים,
אוּנְד אִיטְלִיכֶען טְרִיקֶענֶעם בּוֹים, דִיא
פֵייעֶר־פְלַאם וֶועט נִיט פֶערְלָאשֶׁען
וֶוערֶען, גֵייעֶרְט אַלֶע זֵייטֶען פוּן דָרוֹם
בִּיז צָפוֹן זָאל אִין אִיהְר פֶערְבְּרֶענְט
וֶוערֶען:
4 אוּנְד אַלֶעס פְלֵייש (אַלֶע מֶענְשֶׁען)
זָאלֶען עֶס זֶעהֶען אַז אִיךְ יְהֹוָה הָאבּ
עֶס אָנְגֶעצִינְדֶען עֶס זָאל נִיט פֶערְלַא־
שֶׁען וֶוערֶען:
5 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט,—אוֹי, הַאר
גָאט! זֵייא זָאגֶען צוּ מִיר, רֶעט עֶר
נִיט מִיט מְשָׁלִים?
6 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ
מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
7 בֶּן־אָדָם, טְהוּא דֵיין פָּנִים קֶעגֶען
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד לָאז זֵיין דֵיין וָוארְט
קֶעגֶען דִיא (בֵּיידֶע) מִקְדָשִׁים, אוּנְד
זָאג נְבִיאוֹת קֶעגֶען אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל:
8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ אֶרֶץ
יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה,
אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל
אַרוֹיסְצִיהֶען מֵיין שְׁוֶוערְט פוּן אִיהְרֶע
שֵׁייד, אוּנְד אִיךְ וֶועל פוּן דִיר פֶערְ־
טִילְגֶען דֶעם צַדִיק מִיט דֶעם רָשָׁע:
9 ווייל אִיךְ וֶועל פוּן דִיר פֶערְטִילְגֶען
דֶעם צַדִיק אוּנְד דֶעם רָשָׁע, דַארוּם
וֶועט מֵיין שְׁוֶוערְט אַרוֹיסְגֵיין פוּן
אִיהְרֶע שֵׁייד קֶעגֶען אַלֶעס פְלֵייש פוּן
דָרוֹם בִּיז צָפוֹן־זֵייט:

אונד

10 אוּנְד אַלֶע וֶועלֶען וִויסֶען דָאס אִיךְ
יְהוָֹה הָאבּ אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען מֵיין שְׁוֶוערְט
פוּן אִיהְרֶע שֵׁייד, אוּנְד עֶס זָאל נִיט
מֶעהְר צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען :
11 אָבֶּער דוּא בֶּן־אָדָם, זִיפְץ ! וֶועגֶען
צוּבְּרָאכֶענֶע לֶענְדֶען אוּנְד וֶועגֶען
בִּיטֶערְקַייט זָאלְסְט דוּא זִיפְצֶען פַאר
זֵיירֶע אוֹיגֶען :
12 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, וֶוען זֵייא
וֶועלֶען צוּ דִיר זָאגֶען, פַאר וָואס
טְהוּסְט דוּא זִיפְצֶען ? אַזוֹי זָאלְסְט
דוּא זָאגֶען, וֶועגֶען דֶער (שְׁמוּעָה)
נַאכְרִיכְט וָואס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד
אִיטְלִיכֶעס הַארְץ וֶועט צוּשְׁמָאלְצֶען
וֶוערֶען, אוּנְד אַלֶע הֶענְד וֶועלֶען שְׁלַאף
וֶוערֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶעס גֶעמִיטְה וֶועט
פֶערְשְׁמַאכְטֶען, אוּנְד אַלֶע קְנִיעֶן וֶועלֶען
צוּגֵיין אַזוֹי וִויא וַואסֶער, זֶעה עֶס
קוּמְט אָן, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין זָאגְט
דֶער הַאר גָאט :
13 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז
גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
14 בֶּן־אָדָם, זָאג נְבִיאוּת, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
גָאט ; זָאג, אַ שְׁוֶוערְט, אַ שְׁוֶוערְט !
עֶס וֶועט גֶעשַׁארְפְט וֶוערֶען אוּנְד עֶס
וֶועט אוֹיךְ בְּלִינְקֶען :
15 כְּדֵי עֶס זָאל גֶעוִויס שֶׁעכְטֶען אִיז
עֶס שַׁארְף גֶעמַאכְט, אוּנְד כְּדֵי עֶס
זָאל בְּלִינְקֶען אִיז עֶס גְלַאט גֶעמַאכְט
גֶעוָוארֶען ; אָדֶער זָאלֶען מִיר זִיךְ
פְרֵייעֶן, עֶס אִיז דִיא רוּט פוּן מֵיין
זוּהְן וָואס פֶערַאכְטֶעט אִיטְלִיכֶען בּוֹים :
16 אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען זִיא
גְלַאט צוּ מַאכֶען כְּדֵי זִיא (בֶּעסֶער)
אָנְצוּנֶעמֶען מִיט דֶער הַאנְד, עֶס אִיז
אַ שַׁארְפֶעס שְׁוֶוערְט אוּנְד גְלַאט כְּדֵי
זִיא זָאל גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין דִיא
הַאנְד פוּן דֶעם וָואס טְהוּט הַרְגֶ'נֶען :
17 שְׁרֵייא אוּנְד קְלָאג, בֶּן־אָדָם !
וָוארִין עֶס וֶועט זַיין אִיבֶּער מֵיין פָאלְק,
אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע פִירְשְׁטֶען פוּן יִשְׂרָאֵל,
דִיא וָואס הָאבֶּען מוֹרָא פַאר דֶעם
שְׁוֶוערְט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען מֵיין
פָאלְק, דַארִיבֶּער קְלַאפּ אוֹיף דֵיינֶע
לֶענְדֶען (דִיכְט) :
18 וָוארִין עֶס אִיז גֶעפְּרִיפְט, אָבֶּער
וָואס, וֶוען דִיא רוּט וֶועט אוֹיךְ נִיט
מֶעהְר פֶערַאכְטֶעט זַיין ? זָאגְט דֶער
הַאר גָאט :
19 אָבֶּער דוּא בֶּן־אָדָם, זָאג נְבִיאוּת,
אוּנְד קְלַאפּ מִיט דִיא הֶענְד, וָוארִין
דָאס שְׁוֶוערְט וֶועט פֶערְדָארְבֶּען וֶוערֶען,
יוֹא עֶס וֶועט זַיין אַ דְרֵייפַאכֶעס
שְׁוֶוערְט, עֶס אִיז אַ שְׁוֶוערְט וָואס
דֶערְשְׁלָאגְט דִיא גְרוֹיסֶע, עֶס וֶועט צוּ
זֵיירֶע חֲדָרִים אַרֵיינְקוּמֶען :
20 כְּדֵי דָאס הַארְץ צוּ צֶערְשְׁמֶעלְצֶען,
אוּנְד דִיא שְׁטְרוֹיכְלוּנְג צוּ פֶערְמֶעהְרֶען,
אִיבֶּער אַלֶע זֵיירֶע טוֹיעֶרְן הָאבּ אִיךְ
גֶעלָאזְט שֶׁעכְטֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְט,
אוֹי, עֶס אִיז שׁוֹין גֶעמַאכְט גְלֶענְצִיג,
אוּנְד עֶס אִיז אֵיינְגֶעוִויקֶעלְט (אָנְגֶעגְרֵייט) צוּ שֶׁעכְטֶען :
21 פֶערְאֵיינִיג דִיךְ, גֵייא עֶנְטְוֶועדֶער
צוּר רֶעכְטֶען אָדֶער מַאךְ דִיר צוּר
לִינְקֶען־זֵייט, אַוְואוּ אַהִין דֵיין פָּנִים
אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט :
22 אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיךְ שְׁלָאגֶען
אֵיינֶע הַאנְד צוּ דִיא אַנְדֶערֶע, אוּנְד
אִיךְ וֶועל אָפְּלָאזֶען מֵיין גְרִימְצָארְן,
אִיךְ יְהוָֹה הָאבּ עֶס גֶערֶעט :
23 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז
גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען :

24 אונד דוא בֶּן־אָדָם, מאך דיר צְווייא וֶועגֶען כְּדֵי דָאס שְׁוֶוערְט פון דֶעם מֶלֶךְ פון בָּבֶל זָאל קוּמֶען, פּוּן איין לַאנְד זָאלֶען בֵּיידֶע (וֶועגֶען) אַרוֹיסְגֵיין, רוֹים דיר אוֹיס אֵיין אָרְט אָן דֶער שְׁפִּיץ, אִין דֶעם וֶועג פוּן דֶער שְׁטָאט רוֹים דִיר אוֹיס אֵיין אָרְט:
25 דוא זָאלְסְט מַאכֶען אַ וֶועג כְּדֵי דָאס שְׁוֶוערְט זָאל קוּמֶען נָאךְ רַבַּת פוּן דִיא בְּנֵי־עַמּוֹן, אוּנְד צוּ יְהוּדָה נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם דִיא פֶעסְטֶע שְׁטָאט:
26 וָוארִין דֶער מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶעם וֶועג וָואס שֵׁייט זִיךְ אָפּ, אָן דֶער שְׁפִּיץ פוּן דִיא צְווייא וֶועגֶען, אַז עֶר זָאל זִיךְ לָאזֶען זָאגֶען דוּרְךְ כִּישׁוּף, עֶר הָאט דִיא פֵּיילֶען לֵייכְט גֶעמַאכְט, עֶר הָאט אָנְגֶעפְרֶעגְט דוּרְךְ דִיא גֶעצֶענ־בִּילְדֶער, עֶר הָאט אָנְגֶעזֶעהֶען דִיא לֶעבֶּער:
27 אִין זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס כִּישׁוּף פוּן יְרוּשָׁלַיִם כְּדֵי קַאנָאנֶען אָנְצוּשְׁטֶעלֶען, אוּנְד דָאס מוֹיל אוֹיפְצוּמַאכֶען מִיט רְצִיחָה, אוּנְד דָאס קוֹל אוֹיפְצוּהֵייבֶּען מִיט שַׁאלוּנְג, אוּנְד קַאנָאנֶען אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען בֵּייא דִיא טוֹיעֶרְן, אוּנְד אוֹיפְצוּשִׁיטֶען אַ שַׁאנְץ אוּנְד צוּ בּוֹיעֶן אַ טְהוּרֶעם:
28 אוּנְד דָאס וֶועט צוּ זַייא זַיין אִין זַיירֶע אוֹיגֶען פַאלְשֶׁעס כִּישׁוּף, (צוּ דִיא) וָואס הָאבֶּען צוּ זַייא גֶעשְׁוָואוֹירֶען מִיט שְׁבוּעוֹת, אוּנְד עֶר וֶועט גֶעדֶענְקֶען דִיא זִינְד כְּדֵי זַייא זָאלֶען גֶעחַאפְּט וֶוערֶען:
29 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, ווייל אִיהְר הָאט גֶעמַאכְט גֶעדֶענְקֶען אֵיירֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען, אוּנְד אֵיירֶע זִינְד אִיז עָנְטפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען אַז אֵיירֶע זִינְד זָאל גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען דוּרְךְ אַלֶע אֵיירֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים, דַארוּם וֶועט אִיהְר דֶערְמַאנְט וֶוערֶען אוּנְד אִיהְר וֶועט אִין דֶער הַאנְד גֶעחַאפְּט וֶוערֶען:
30 אוּנְד דוּא אוּנְהֵיילִיגֶער רָשָׁע, דוּא נָשִׂיא פוּן יִשְׂרָאֵל, דֵיין טָאג אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, אִין דֶער צֵייט וֶוען דִיא זִינְד הָאט אֵיין עֶנְד:
31 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, טְהוּט אָפּ דֶען הוּט, אוּנְד נֶעם אַרוּפּ דִיא קְרוֹין, דָאס וֶועט נִיט זַיין דָאס זֶעלְבִּיגֶע, דֶערְהֵייבּ דֶעם וָואס אִיז נִידֶערִיג, אוּנְד מַאךְ נִידֶערִיג דֶעם וָואס אִיז הוֹיךְ:
32 אִיךְ וֶועל מַאכֶען פֶערְוִויסְט! פֶערְוִויסְט! פֶערְוִויסְט! אוּנְד דָאס וֶועט אוֹיךְ נִיט זַיין, בִּיז דֶער וֶועט קוּמֶען עֶר זָאל טְהוּן (מַיין) מִשְׁפָּט, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס אִיהְם גֶעבֶּען:
33 אָבֶּער דוּא, בֶּן־אָדָם, זָאג נְבִיאוּת, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט צוּ דִיא בְּנֵי־עַמּוֹן אוּנְד וֶועגֶען זַיירֶע שַׁאנְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, דָאס שְׁוֶוערְט, דָאס שְׁוֶוערְט אִיז אוֹיפְגֶעמַאכְט, צוּם שֶׁעכְטֶען אִיז עֶס אוֹיסְגֶעגְלַאט, צוּ פֶערְלֶענְדֶען ווייל עֶס גְלַאנְצְט:
34 ווייל דוּא הָאסְט דִיר גֶעלָאזְט פַאלְשׁ נְבִיאוּת זָאגֶען, אוּנְד הָאסְט דִיר גֶעלָאזְט דוּרְךְ כִּישׁוּף לִיגֶען זָאגֶען, דִיךְ צוּ אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערְן אוֹיף דִיא הֶעלְזֶער פוּן דִיא דֶערְשְׁלַאגֶענֶע רְשָׁעִים, וָואס זֵייעֶר טָאג אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, אִין דֶער צֵייט וֶוען זַיירֶע זִינְד וֶועט הָאבֶּען אֵיין עֶנְד:
35 זָאל אִיךְ לָאזֶען צוּרִיקְקֶעהְרֶען

(דָאס שְׁוֶוערְט) אִין אִיהְרֶע שֵׁייד ? אִין
דֶעם אָרְט וְואוּ דוּא בִּיזְט בֶּעשַׁאפֶען
גֶעוָוארֶען, וֶועל אִיךְ דִיךְ מִשְׁפָּט'ן :
36 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּער דִיר אוֹיסְ־
גִיסֶען מֵיין גְרִימְצָארְן, מִיט דֶעם פֵייעֶר
פוּן מֵיין גְרִימְצָארְן וֶועל אִיךְ אוֹיף דִיר
בְּלָאזֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ אִיבֶּערְ־
עֶנְטְפֶערְן אִין דִיא הֶענְד פוּן דִיא
נַארִישֶׁע מֶענְשֶׁען, וָואס זֶענֶען קִינְסְטְ־
לֶערְם צוּ פֶערְדַארְבֶּען :
37 דוּא וֶועסְט זֵיין פַאר דֶעם פֵייעֶר
צוּם פֶערְבְּרֶענֶען, אוּנְד דֵיין בְּלוּט
וֶועט זֵיין אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם
לַאנְד, אוּנְד דוּא וֶועסְט נִיט מֶעהְר
דֶערְמַאנְט וֶוערֶען, וָוארִין אִיךְ, יְהֹוָה
הָאבּ עֶס גֶערֶעט :

קאפיטעל כב

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז
גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
2 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם וִוילְסְט דוּא
מִשְׁפָּט'ן, וִוילְסְט דוּא מִשְׁפָּט'ן דִיא
בְּלוּטִיגֶע שְׁטָאט ? יוֹא, דוּא זָאלְסְט
אִיהְר לָאזֶען וִויסֶען אַלֶע אִיהְרֶע אוּמְ־
וֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים :
3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט
דֶער הַאר גָאט, דִיא שְׁטָאט וָואס מֶען
פֶערְגִיסְט בְּלוּט אִין אִיהְר, אִיהְרֶע צֵייט
וֶועט קוּמֶען, אוּנְד וָואס מַאכְט זִיךְ
גֶעצֶען־בִּילְדֶער כְּדֵי זִיךְ דֶערְמִיט מְטַמֵא
צוּ זֵיין :
4 מִיט דֵיין בְּלוּט וָואס דוּא הָאסְט
פֶערְגָאסֶען הָאסְט דוּא דִיךְ פֶערְשׁוּלְדִיגְט,
אוּנְד מִיט דֵיינֶע גֶעצֶענְבִּילְדֶער וָואס
דוּא הָאסְט דִיר גֶעמַאכְט הָאסְט דוּא
דִיךְ מְטַמֵא גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט
גֶעמַאכְט גֶענֶעהֶענְט דֵיינֶע טֶעג, אוּנְד דוּא
בִּיזְט אָנְגֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֵיינֶע יָאהְרֶען,
דַארוּם הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעמַאכְט פַאר
אַ חֶרְפָּה צוּ דִיא גוֹיִם, אוּנְד פַאר אַ
שְׁפָּאט צוּ אַלֶע לֶענְדֶער :
5 דִיא וָואס זֶענֶען נָאהֶענְט, אוּנְד
דִיא וָואס זֶענֶען וֵוייט פוּן דִיר וֶועלֶען
אִיבֶּער דִיר שְׁפָּאטֶען, דוּא הָאסְט טָמֵא
גֶעמַאכְט דֶעם נָאמֶען, עֶס אִיז אַ
גְרוֹיסֶע פֶערְטוּמְלוּנְג :
6 זֶעה, דִיא נְשִׂיאִים פוּן יִשְׂרָאֵל,
אִיטְלִיכֶער אִיז מִיט זֵיין שְׁטַארְקֶען
אָרֶעם אִין דִיר גֶעוֶועזֶען כְּדֵי בְּלוּט צוּ
פֶערְגִיסֶען :
7 זֵיא הָאבֶּען אִין דִיר פֶערַאכְטֶעט
פָאטֶער אוּנְד מוּטֶער, צְווִישֶׁען דִיר
הָאבֶּען זֵייא אוּנְטֶערְדְרוּקְט דֶעם גֵר,
דֶעם יָתוֹם, אוּנְד דִיא אַלְמָנָה גֶענַארֶען
זֵייא אִין דִיר :
8 מֵיינֶע הֵיילִיגְטִימֶער הָאסְט דוּא
מְבַזֶה גֶעוֶועזֶען, אוּנְד מֵיינֶע שַׁבָּתִים
הָאסְט דוּא מְחַלֵל גֶעוֶועזֶען :
9 צְווִישֶׁען דִיר זֶענֶען לֵייטֶע וָואס
זָאגֶען רְכִילוּת, כְּדֵי בְּלוּט צוּ פֶערְגִי־
סֶען, אוּנְד צְווִישֶׁען דִיר עֶסְט מֶען אוֹיף
דִיא בֶּערְג, זֵייא טְהוּן שֶׁענְדְלִיכֶעס
צְווִישֶׁען דִיר :
10 דִיא שַׁאנְד פוּן דֶעם פָאטֶער
טְהוּט מֶען צְווִישֶׁען דִיר עֶנְטְפְּלֶעקֶען,
אוּנְד דִיא וָואס אִיז טָמֵא מַחֲמַת נִדָה,
פֵּיינִיגְט מֶען צְווִישֶׁען דִיר :
11 אוּנְד אִיטְלִיכֶער טְהוּט אוּמְוֶוערְ־
דִיגֶע מַעֲשִׂים מִיט זֵיין חַבֶר'ס וַוייבּ,
אוּנְד אִיטְלִיכֶער אִיז זֵיינֶע שְׁנוּר מְטַמֵא
מִיט זְנוּת, אוּנְד אִיטְלִיכֶער צְווִישֶׁען
דִיר פֵּיינִיגְט זֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, דִיא
טָאכְטֶער פוּן זֵיין פָאטֶער :
12 מֶען נֶעמְט צְווִישֶׁען דִיר שׁוֹחַד,
כְּדֵי בְּלוּט צוּ פֶערְגִיסֶען, דוּא הָאסְט

גֶענוּמֶען צִינְזֶען אוּנְד רְוָחִים, אוּנְד
דוּא בִּיזְט גֵייצִיג גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דֵיין
חָבֵר אוּנְד דוּא הָאסְט אִיהְם בֶּעגַזְלְת,
אָבֶּער מִיךְ הָאסְט דוּא פֶערְגֶעסֶען,
זָאגְט דֶער הַאר גָאט:
13 זֶעה, דַארוּם הָאבּ אִיךְ גֶעקְלַאפְּט
מֵיינֶע הֶענְד וֶועגֶען דֵיינֶעם גֵייצִיגֶען
גֶעוִוין וָואס דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן, אוּנְד
וֶועגֶען דֶעם בְּלוּט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
צְווִישֶׁען דִיר:
14 וֶועט דֶען דֵיין הַארְץ בֶּעשְׁטֵיין
קֶענֶען, אָדֶער קֶענֶען דֵיינֶע הֶענְד
גֶעשְׁטַארְקְט וֶוערֶען אִין דֶעם טָאג וָואס
אִיךְ וֶועל מִיט דִיר הַאנְדֶעלְן? אִיךְ
יְהוָֹה הָאבּ דָאס גֶערֶעט, אוּנְד אִיךְ
וֶועל עֶס אוֹיךְ טְהוּן:
15 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען
אוּנְטֶער דִיא גוֹיִם, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ
צוּשְׁטְרֵייעֶן אִין דִיא לֶענְדֶער, אוּנְד אִיךְ
וֶועל דֶערְמִיט אַ סוֹף מַאכֶען מִיט
דֵיינֶע טוּמְאָה פוּן (צְווִישֶׁען) דִיר:
16 אוּנְד דוּא וֶועסְט דִיךְ אַלֵיין מְחַלֵּל
זֵיין פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא גוֹיִם,
אוּנְד דוּא וֶועסְט דֶערְקֶענֶען אַז אִיךְ
בִּין יְהוָֹה:
17 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ
מִיר גֶעוֶועזֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
18 בֶּן־אָדָם, דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל אִיז צוּ מִיר גֶעוָוארֶען וִויא
פְּסוֹלֶת, זֵייא זֶענֶען אַלֶע וִויא קוּפֶּער,
אוּנְד אֵייזֶען, אוּנְד בְּלֵייא, אִין דֶער
מִיטֶען פוּן אַ שְׁמֶעלְץ־אוֹיפֶען, זֵייא
זֶענֶען גֶעוָוארֶען וִויא פְּסוֹלֶת פוּן
זִילְבֶּער:
19 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
וֵוייל אִיהְר זֶענְט אַלֶע גֶעוָוארֶען וִויא
פְּסוֹלֶת, דַארוּם זֶעה, אִיךְ וֶועל אֵייךְ
זַאמֶעלְן אִין דֶער מִיטֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם:
20 אַזוֹי וִויא מֶען זַאמֶעלְט זִילְבֶּער,
אוּנְד קוּפֶּער, אוּנְד אֵייזֶען, אוּנְד בְּלֵייא
אוּנְד צִין אִין דֶער מִיטֶען פוּן אַ
שְׁמֶעלְץ־אוֹיפֶען, דַארוֹיף צוּ בְּלַאזֶען
מִיט פֵייעֶר כְּדֵי עֶס צוּ צֶערְשְׁמֶעלְצֶען,
אַזוֹי וֶועל אִיךְ אֵייךְ אֵיינְזַאמֶעלְן אִין
מֵיין צָארְן אוּנְד אִין מֵיין גְרִימְצָארְן,
אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ (דָארְט) אִיבֶּערְ־
לָאזֶען אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ צוּשְׁמֶעלְצֶען:
21 אִיךְ וֶועל אֵייךְ זַאמֶעלְן אוּנְד אִיךְ
וֶועל אוֹיף אֵייךְ בְּלַאזֶען מִיט דֶעם
פֵייעֶר פוּן מֵיין גְרִימְצָארְן, אוּנְד אִיהְר
וֶועט אִין אִיהְרֶע מִיטֶע גֶעשְׁמָאלְצֶען
וֶוערֶען:
22 אַזוֹי וִויא זִילְבֶּער וֶוערְט גֶעשְׁמָאלְ־
צֶען אִין דֶעם שְׁמֶעלְץ־אוֹיפֶען, אַזוֹי
וֶועט אִיהְר אִין דֶער מִיטֶען גֶעשְׁמָאלְצֶען
וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז
אִיךְ יְהוָֹה הָאבּ אִיבֶּער אֵייךְ אוֹיסְגֶע־
גָאסֶען מֵיין גְרִימְצָארְן:
23 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ
מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
24 בֶּן־אָדָם, זָאג צוּ אִיהְר, דוּא בִּיזְט
אַ לַאנְד וָואס אִיז נִיט גֶערֵיינִיגְט, אוּנְד
עֶס הָאט נִיט דַארוֹיף גֶערֶעגֶענְט אִין
דֶעם טָאג פוּן צָארְן:
25 אִיהְרֶע נְבִיאוֹת הָאבֶּען זִיךְ אִין
אִיהְר פֶערְקְנִיפְּט, אַזוֹי וִויא אַ שְׁרֵייעֶ־
דִיגֶער לֵייבּ וָואס פֶערְצִיקְט, אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא נְפָשׁוֹת גֶעפְרֶעסֶען, זֵייא
הָאבֶּען אַוֶועקְגֶענוּמֶען קָאסְטְבַּארֶע אוּנְד
טֵייעֶרֶע זַאכֶען, זֵייא הָאבֶּען אִין אִיהְר
פֶערְמֶעהְרְט אַלְמָנוֹת:
26 אִיהְרֶע כּוֹהֲנִים הָאבֶּען אַוֶועקְ־
גֶערוֹיבְּט דִיא תּוֹרָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
מְחַלֵּל גֶעוֶועזֶען מֵיינֶע קָדָשִׁים, צְווִישֶׁען


הייליג

הײליג און אומהײליג האָבען זײא
ניט געמאַכט אַ צװישענשײד, און
צװישען טמא און רײן האָבען זײא
אױך ניט בעקאַנט געמאַכט, און פון
מײנע שבתים האָבען זײא אַװעקגע־
טהון זײערע אױגען, און איך בין
צװישען זײא פֿעראומהײליגט געװאָרען:
27 זײערע פֿערשטען צװישען זײא
זענען װיא װעלף װאָס פֿערצײקען,
בּלוט צו פֿערגיסען און נפשות צו
פֿערטילגען כּדי זײא צו בעגזל'ן:
28 און איהרע נביאים בעשמירען
זײא מיט קאַלך, זײא זאָגען פֿאַלשע
נביאות און מאַכען כּישוף צו זײא
מיט ליגען, זײא זאָגען, אַזױ זאָגט
דער האַר גאָט, װען גאָט האָט ניט
גערעדט:
29 דאָס פֿאָלק פון דעם לאַנד האָט זײא
בערױבט און בעגזל'ט מיט אַ גזלה,
און דעם אָרעמען און דעם נױט־
בעדאַרפֿטיגען האָבען זײא געגנאַרט,
און דעם גר האָבען זײא בערױבט
אָהן אַ משפּט:
30 און איך האָב געזוכט פון זײא
אַ מאַן װאָס זאָל מאַכען אַ פֿערצױ־
מונג און זאָל שטײן אין דעם בּראָך
פֿאַר מיר פון װעגען דעם לאַנד, כּדי
איך זאָל עס ניט פֿערדאַרבען, אָבער
איך האָב קײנעם ניט געפֿונען:
31 דאַריבער האָב איך איבער זײא
אױסגעגאָסען מײן גרימצאָרן, איך
האָב זײא פֿערטילגט מיט דעם פֿײער
פון מײן גרימצאָרן, איך האָב זײערע
אײגענע װעגען אױף זײער קאָפּ
געגעבען, זאָגט דער האַר גאָט:

קאַפּיטעל כג

1 און דאָס װאָרט פון גאָט איז צו
מיר געװעזען, אַזױ צו זאָגען:
2 בּן־אָדם, צװײא װײבּער זענען
געװעזען דיא טעכטער פון אײנע
מוטער:
3 און זײא האָבען זיך פֿערהורט
אין מצרים,—אין זײערע יוגענד האָבען
זײא זיך מזנה געװעזען, דאָרט האָט
מען זײא זײערע בּריסטען געקװעטשט
און דאָרט האָט מען צושטױסען דיא
ציצען פון זײערע בּתולה־שאַפֿט:
4 און זײערע נעמען זענען געװעזען
אָהלה דיא עלטסטע, און אָהליבה
איהרע שװעסטער, און זײא זענען
מײן געװעזען, און זײא האָבען
געבױרען זיהן און טעכטער, און
אַזױ זענען זײערע נעמען געװעזען—
שומרון אָהלה, און ירושלים אָהליבה:
5 און אָהלה האָט זיך אונטער מיר
מזנה געװעזען, און זיא האָט גע־
גלוסט צו איהרע ליבּהאָבּערס—אַשור
װאָס איז נאָהענט געװעזען:
6 װאָס זענען געװעזען אָנגעטהון
מיט בּלױ־װאָל—געװעלטיגער און
האַרען, זײא זענען אַלע געװעזען
לוסטבּאַרע יונגע לײט, רײטערס אױף
רײט־װעגען און פֿערד:
7 דאַריבער האָט זיא איהרע הורע־
רײא אַהינגעגעבען צו זײא, אױף אַלע
אױסדערװײלטע לײט פון אַשור, און
אױף אַלע װאָס זיא האָט געגלוסט,
און נאָך אַלע זײערע געצען־בּילדער
האָט זיא זיך מטמא געװעזען:
8 און איהרע הורערײא פון מצרים
האָט זיא אױך ניט פֿערלאָזט, װאָרין
זײא זענען מיט איהר געלעגען אין
איהרע יוגענד, און זײא האָבען גע־
קװעטשט איהר בּריסטען פון איהרע

בְּתוּלָה־שַׁאפְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אויסְגֶעגָאסֶען (דִיא תַּאוָה פוּן) זַייעֶר
זְנוּת אויף אִיהְר׃
9 דַארוּם הָאבּ אִיךְ זִיא אִיבֶּערְ־
גֶעעֶנְטְפֶּערְט אִין דִיא הֶענְד פוּן אִיהְרֶע
לִיבְּהָאבֶּערְס, אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא
בְּנֵי אַשּׁוּר, וָואס זִיא הָאט גֶעגְלוּסְט
צוּ זַייא׃
10 זַייא הָאבֶּען עֶנְטְפְּלֶעקְט אִיהְרֶע
שַׁאנְד, אִיהְרֶע זִיהְן אוּנְד אִיהְרֶע טֶעכְ־
טֶער הָאבֶּען זַייא אַוֶועקְגֶענוּמֶען, אוּנְד
זִיא אַלֵיין הָאבֶּען זַייא גֶעהַרְגֶעט מִיט
דֶעם שְׁוֶוערְט, אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט
אַ (בֵּייזֶען) שֵׁם אוּנְטֶער דִיא ווייבֶּער,
וָוארִין זַייא הָאבֶּען אִיהְר אָנְגֶעטְהוּן
פוּרְעָנִיּוֹת (שְׁטְרָאף־גֶערִיכְט)׃
11 אוּנְד וֶוען אִיהְרֶע שְׁוֶועסְטֶער
אָהֳלִיבָה הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי אִיז
זִיא נָאךְ מֶעהְר פֶערְדָארְבֶּען גֶעוֶועזֶען
מִיט אִיהְרֶע גְלוּסְטוּנְג, אוּנְד אִיהְרֶע
הוּרֶערֵייא אִיז מֶעהְר גֶעוֶועזֶען וִויא דָאס
זְנוּת פוּן אִיהְרֶע שְׁוֶועסְטֶער׃
12 זִיא הָאט גֶעגְלוּסְט צוּ דִיא בְּנֵי
אַשּׁוּר, וָואס זֶענֶען גֶעוֶועלְטִיגֶער אוּנְד
הֶארֶען וָואס זֶענֶען נָאהֶענְט, אוּנְד
זֶענֶען שֵׁיין אָנְגֶעקְלֵייט, רֵייטֶער וָואס
רֵייטֶען אויף פֶערְד, אַלֶע לוּסְטְבַּארֶע
יוּנְגֶע לֵייט׃
13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַז זִיא
אִיז טָמֵא גֶעוָוארֶען, וָוארִין זַייא הָאבֶּען
בֵּיידֶע אֵיין וֶועג׃
14 אוּנְד זִיא הָאט נָאךְ פֶערְמֶעהְרְט
אִיהְר זְנוּת, וָוארִין זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען
מַאנְס־בִּילְדֶער אויסְגֶעקְרִיצְט אויף דֶער
וַואנְד, בִּילְדֶער פוּן דִיא כַּשְׂדִים זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אויסְגֶעקְרִיצְט (אויסְגֶעמָאלְט)
מִיט פַארְבֶּען׃
15 אָנְגֶעגַארְטֶעלְט מִיט אַ גַארְטֶעל
אויף זֵייעֶרֶע לֶענְדֶען, אוּנְד גֶעפַארְבְּטֶע
טוּרְבַּאנֶען אויף זֵייעֶרֶע קֶעפּ, אַלֶע
הָאבֶּען אויסְגֶעזֶעהֶען וִויא הויפְּט־לֵייט,
דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דִיא בְּנֵי בָּבֶל,
כַּשְׂדִים אִיז דָאס לַאנְד פוּן זֵייעֶרֶע
גֶעבּוּרְט׃
16 אוּנְד וֶוען זִיא הָאט אויף זַייא
גֶעקוּקְט מִיט אִיהְרֶע אויגֶען אַזוֹי הָאט
זִיא צוּ זַייא גֶעגְלוּסְט, אוּנְד זִיא הָאט
צוּ זַייא גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים נָאךְ כַּשְׂדִים׃
17 אוּנְד דִיא בְּנֵי בָבֶל זֶענֶען צוּ
אִיהְר גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם לִיבֶּעס־גֶעלֶע־
גֶער, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיא מְטַמֵּא
גֶעוֶועזֶען מִיט זֵייעֶר זְנוּת, אוּנְד אַזוֹי
הָאט זִיא זִיךְ מִיט זַייא מְטַמֵּא
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אַזוֹי אִיז אִיהְר נֶפֶשׁ
פוּן זַייא אַוֶועקְגֶערִיסֶען גֶעוָוארֶען׃
18 אוּנְד וֶוען אִיהְר זְנוּת אִיז עֶנְטְ־
פְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אויךְ אִיהְרֶע
שַׁאנְד, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מִיךְ פוּן אִיהְר
אַוֶועקְגֶערִיסֶען גְרָאד אַזוֹי וִויא אִיךְ
הָאבּ מִיךְ אַוֶועקְגֶערִיסֶען פוּן אִיהְרֶע
שְׁוֶועסְטֶער׃
19 אוּנְד דָאךְ הָאט זִיא פֶערְמֶעהְרְט
אִיהְר זְנוּת כְּדֵי צוּ גֶעדֶענְקֶען אָן דִיא
טֶעג פוּן אִיהְרֶע יוּגֶענְד וֶוען זִיא הָאט
זִיךְ מְזַנֶּה גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם׃
20 אוּנְד זִיא הָאט גֶעגְלוּסְט צוּ זֵייעֶרֶע
קֶעבְּס־מֶענֶער, וָואס זֵייעֶר פְלֵייש אִיז
וִויא דָאס פְלֵייש פוּן אֵייזֶעלְן, אוּנְד
וָואס זֵייעֶר זֶרַע אִיז וִויא דֶער שְׁטְרוֹים
פוּן פֶערְד׃
21 אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעדַאכְט אָן דִיא
שְׁלֶעכְטִקֵייט פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד, וִויא
דוּא הָאסְט גֶעלָאזְט בֶּעטַאפֶּען דֵיינֶע

ציצען אין מִצְרַיִם פון וועגען די
בְּרִיסְטען פון דיינע יוגענד׃
22 דַארום, אָ אָהֳלִיבָה! אַזוֹי זָאגְט
דער הַאר גָאט, זעה, איך וועל דערר־
וועקען דיינע ליבּהאבּערס קעגען דיר,
פון וועלכע דיין נֶפֶשׁ איז אַוועקגעריסען,
אונד איך וועל זייא בּרענגען קעגען
דיר רינגס ארום׃
23 די בְּנֵי בָּבֶל, אונד אַלע כַּשְׂדִּים,
פְּקוֹד אונד שׁוֹעַ אונד קוֹעַ אונד אַלע
בְּנֵי אַשּׁוּר מיט זייא, אַלע יונגען
לוּסְטבּארע יונגע לייט, געוועלטיגערס
אונד הארען, הויפּט־לייט אונד חֲשׁוּבָע
לייט, אַלע רייטען אויף פערד׃
24 אונד זייא וועלען קעגען דיר
קוּמען מיט (כְּלֵי־זַיִן) רייטוועגען קאַ־
נאָנען אונד מיט פערזאַמעלטע פעלקער
מיט פּאַנצערס אונד שׁילדען, אונד
אַנגעטהון מיט (אייזערנע) היטעלן וועלען
זייא קעגען דיר קומען רינגס ארום,
אונד איך וועל פאר זייא געבּען (מיין)
מִשְׁפָּט, אונד זייא וועלען דיך מִשְׁפָּט'ן
נאך זייערע מִשְׁפָּטִים׃
25 אונד איך וועל געבּען קעגען דיר
מיינע קִנְאָה, אונד וועל מיט דיר טהון
נאך דעם גרימצארן, זייא וועלען אָפּטהון
דיינע נאָז אונד דיינע אויערען, אונד
דיין איבּריגעס וועט פאלען דורך דאס
שׁווערט, זייא וועלען אַוועקנעמען דיינע
זיהן אונד דיינע טעכטער, אונד דיין
אַ בּריגעס וועט פון דעם פייער פערר־
בּרענט ווערען׃
26 אונד זייא וועלען דיר אויסטהון
דיינע קליידער, אונד זייא וועלען דיר
אַוועקנעמען דיינע שׁיינע צירונג׃
27 אונד איך אויף אַזאַ איין אויפן וועל
איך פון דיר מאַכען אויפהערען דיינע
שׁלעכטיגקייט אונד דיין זְנוּת פון
דעם לאנד מִצְרַיִם, כְּדֵי דוא זאלסט
ניט מעהר אויפהייבען דיינע אויגען
צו זייא, אַז דוא זאלסט ניט מעהר
געדענקען אָן מִצְרַיִם׃
28 וואָרין אַזוֹי זָאגט דער הַאר גָאט,
זעה, איך וועל דיך איבּערענטפערן
אין די האנד פון די וואס דוא
האסט פיינד, אין די האנד וואס דוא
האסט דיך פון זייא אַוועקגעריסען׃
29 אונד זייא וועלען מיט דיר אין
פיינדשאפט האנדעלן, אונד זייא וועלען
פון דיר אַוועקנעמען דיין גאַנצעס
פערמעגען, אונד זייא וועלען דיך
איבּערלאָזען נאַקעט אונד בּלויס, אונד
די שׁאנד פון דיין זְנוּת וועט ענטר־
פּלעקט ווערען אונד דיינע שׁלעכטיג־
קייט אונד דיינע הורעריי׃
30 זאלכעס זאל דיר געטהון ווערען
וועגען דיין זְנוּת מיט אַנדערע גוֹיִם,
ווייל דוא האסט דיך מְטַמֵּא געוועזען
מיט זייערע געצען׃
31 דוא בּיזט געוועזען אויף דעם
וועג פון דיינע שׁוועסטער, דאריבּער
וועל איך איהר כּוֹס געבּען אין דיינע
האנד׃
32 אַזוֹי זאגט דער הַאר גאָט, פון
דעם כּוֹס פון דיינע שׁוועסטער זאלסט
דוא טרינקען, דעם טיפען אונד בּרייר־
טען, דוא וועסט זיין צום געלעכטער
אונד צום שׁפּאט־מעהר ווייא צו
דערטראגען׃
33 דוא וועסט אָנגעפילט ווערען מיט
שִׁכּרוּת אונד טרויעריגקייט, איין כּוֹס
פון פערוויסטונג אונד פערוואונדערונג
איז דער כּוֹס פון דיינע שׁוועסטער
שׁוֹמְרוֹן׃

34 אוּנְד דוּא וֶועסְט אִיהְם אוּיס־
טְרִינְקֶען, אוּנְד אוּיסְזַייגֶען, אוּנְד דִיא
שֶׁערְבְּלֶעךְ וֶועסְט דוּא צוּבְּרֶעכֶען, אוּנְד
דוּא וֶועסְט דֵיינֶע אֵייגֶענֶע בְּרִיסְטֶען
אוּיסְרֵייסֶען, וָוארִין אִיךְ הָאבּ עֶס גֶע־
רֶעט, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:
35 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
ווייל דוּא הָאסְט מִיךְ פֶערְגֶעסֶען, אוּנְד
הָאסְט מִיךְ הִינְטֶער דִיר גֶעוָוארְפֶען,
אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אוֹיךְ לֵיידֶען פַאר
דֵיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד פוּן וֶועגֶען
דֵיין זְנוּת:
36 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
בֶּן־אָדָם, ווילְסְט דוּא מְשַׁפְּטְ'ן דִיא
אָהֳלָה אוּנְד דִיא אָהֳלִיבָה? אַזוֹי זָאלְסְט
דוּא צוּ זֵייא אָנְזָאגֶען זֵיירֶע אוּמְ־
ווערְדִיגְקֵייטֶען:
37 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען מְנַאֵף גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד בְּלוּט אִיז אִין זֵיירֶע הֶענְד, אוּנְד
מִיט זֵיירֶע גֶעצֶען הָאבֶּען זֵייא מְנַאֵף
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אוֹיךְ זֵיירֶע זִיהְן וָואס
זֵייא הָאבֶּען צוּ מִיר גֶעבּוירֶען הָאבֶּען
זֵייא גֶעמַאכְט דוּרְכְגֵיין (דוּרְךְ דֶעם
פֵייעֶר) כְּדֵי זֵייא צוּ פֶערְצֶעהְרֶען:
38 זֵייא הָאבֶּען נָאךְ דָאס דָאזִיגֶע צוּ
מִיר גֶעטְהוּן, זֵייא הָאבֶּען מְטַמֵּא גֶע־
וֶועזֶען מֵיין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִין דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען טָאג, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
מְחַלֵּל גֶעוֶועזֶען מֵיינֶע שַׁבָּתִים:
39 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעשָׁאכְטֶען
זֵיירֶע קִינְדֶער צוּ זֵיירֶע גֶעצֶען, אַזוֹי
זֶענֶען זֵייא נָאךְ דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין מֵיין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ
כְּדֵי עֶס מְחַלֵּל צוּ זַיין, אוּנְד זֶעה,
אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעטְהוּן אִין מֵיין
הוֹיז:
40 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעשִׁיקְט
צוּ דִיא מֶענֶער וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען
פוּן ווייטֶען, צוּ וֶועלְכֶע זֵייא הָאבֶּען
גֶעשִׁיקְט אַ שָׁלִיחַ, אוּנְד זֶעה זֵייא זֶענֶען
אָנְגֶעקוּמֶען—פַאר וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט
דִיךְ גֶעוַואשֶׁען, אוּנְד הָאסְט גֶעפַארְבְּט
דֵיינֶע אוֹיגֶען אוּנְד הָאסְט דִיךְ גֶעצִיעֶרְט
מִיט צִירוּנְג:
41 אוּנְד דוּא הָאסְט דִיךְ אַנִידֶערְ־
גֶעזֶעצְט אוֹיף אַ הֶערְלִיכֶעס בֶּעט,
אוּנְד הָאסְט דִיר אָנְגֶעגְרֵייט אַ טִישׁ
אוֹיף וֶועלְכֶען דוּא הָאסְט אַרוֹיפְגֶעטְהוּן
מֵיין קְטוֹרֶת אוּנְד מֵיין בּוֹימְאֵייל:
42 אוּנְד עֶס אִיז בֵּייא אִיהְר גֶעוֶועזֶען
אַ גֶעשְׁרֵייא ווִיא פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען
שָׁלוֹם, אוּנְד ווִיא לֵייט פוּן פִילֶע מֶענְשֶׁען
וָואס זֵייא הָאבֶּען מִיט גֶעבְּרַאכְט,
שִׁכּוֹרִים אוּיס דֶער מִדְבָּר, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען אָרֶעמְבֶּענְדֶער אוֹיף
זֵיירֶע הֶענְד אוּנְד שֵׁיינֶע קְרוֹינֶען אוֹיף
זֵיירֶע קֶעפּ:
43 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט צוּ דִיא
אַלְטֶע נוֹאֲפִים, ווילֶען זִיא נָאךְ אַצוּנְד
מִיט אִיהְר זְנוּת טְרֵייבֶּען, אוּנְד זִיא
מִיט זֵייא?
44 אוּנְד מֶען אִיז צוּ אִיהְר אַרֵיינְ־
גֶעקוּמֶען אַזוֹי ווִיא מֶען קוּמְט אַרֵיין צוּ
אֵיין אִשָּׁה זוֹנָה, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צוּ אָהֳלָה אוּנְד צוּ
אָהֳלִיבָה דִיא שְׁלֶעכְטֶע ווייבֶּער:
45 אוּנְד גֶערֶעכְטֶע לֵייט, זֵייא וֶועלֶען
זֵייא מְשַׁפְּטְ'ן נָאךְ דֶעם מִשְׁפָּט פוּן
נוֹאֲפִים, אוּנְד נָאךְ דֶעם מִשְׁפָּט פוּן
דִיא בְּלוּטְפֶערְגִיסֶערְס, וָוארִין זֵייא
זֶענֶען זוֹנוֹת, אוּנְד בְּלוּטְשׁוּלְדִיגְקֵייט
אִיז אִין זֵיירֶע הֶענְד:
46 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
אִיךְ וֶועל קֶעגֶען זֵייא אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען אַ

פֶּערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא
אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ אַ צִיטֶערְנִיס אוּנְד צוּ
בֶּערוֹיבוּנְג :
47 אוּנְד דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג וֶועט זַייא
שְׁטֵיינִיגֶען מִיט שְׁטֵיינֶער, אוּנְד זַייא
וֶועלֶען זַייא צוּשְׁנֵיידֶען מִיט זַייעֶרֶע
שְׁוֶוערְטֶער, זַייעֶרֶע זִיהְן אוּנְד זַייעֶרֶע
טֶעכְטֶער וֶועלֶען זַייא הַרְגֶ'ן, אוּנְד
זַייעֶרֶע הֵייזֶער וֶועלֶען זַייא פֶערְבְּרֶענֶען
מִיט פַייעֶר :
48 אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען אוֹיפְהֶערֶען
דִיא שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם לַאנְד,
אוּנְד אַלֶע ווייבֶּער וֶועלֶען מוּסָר
אָנְנֶעמֶען אַז זַייא זָאלֶען נִיט טְהוּן אַזוֹי
וִויא זַייעֶר זְנוּת :
49 אוּנְד זַייא וֶועלֶען אֵייךְ גֶעבֶּען
נָאךְ (דֶעם מִשְׁפָּט) אֵייעֶר זְנוּת, אוּנְד
נָאךְ דֶער זִינְד פוּן אֵייעֶרֶע גֶעצֶען וֶועט
אִיהְר לֵיידֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען
אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר גָאט :

קאפיטעל כד

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ
מִיר גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם נֵיינְטֶען יָאהְר,
אִין דֶעם צֶעהְנְטֶען חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם
צֶעהְנְטֶען טָאג פוּן חוֹדֶשׁ, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען :
2 בֶּן־אָדָם, שְׁרֵייבּ דִיר אוֹיף דֶעם
נָאמֶען פוּן דֶעם טָאג, טַאקִי פוּן דֶעם
הֵיינְטִיגֶען טָאג, וָוארִין דֶער קֶענִיג פוּן
בָּבֶל הָאט זִיךְ אָן דֶערְנֶעהֶענְטֶערְט ... (cf.)

אַרַיינְגִיסֶען :
4 אוּנְד זַאמֶעל אַרַיין אִין אִיהְם
שְׁטִיקֶער, אַלֶערְלֵייא גוּטֶע שְׁטִיקֶער פוּן
דֶעם דִיכְט אוּנְד דֶער שׁוּלְטֶער, מַאךְ
עֶס פוּל מִיט דִיא בֶּעסְטֶע בֵּיינֶער :
5 נֶעם פוּן דִיא בֶּעסְטֶע שָׁאף, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ אוּנְטֶער אִיהְם (דֶעם
טָאפּ) בְּרֶענֶען דִיא בֵּיינֶער, מַאךְ עֶס
גוּט קָאכֶען, אוּנְד מַאךְ עֶס זִידֶען כְּדֵי
דִיא בֵּיינֶער זָאלֶען אִין דֶער מִיטֶען
דַאפוּן גוּט גֶעקָאכְט וֶוערֶען :
6 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
אוֹי וֵויא צוּ דֶער בְּלוּט־שׁוּלְדִיגֶע
שְׁטָאט, דֶער טָאפּ אִין וֶועלְכֶען עֶס
אִיז דֶער שׁוּים (שְׁמוּץ) אוּנְד דֶער
שׁוּים וֶוערְט נִיט דֶערְפוּן אַרוֹיסְגֶענוּמֶען,
מֶען נֶעמְט עֶס אַרוֹיס שְׁטִיקֶעלֶעךְ וֵוייז,
אָבֶּער לָאז קֵיין גוֹרָל דַארוֹיף פַאלֶען :
7 וָוארִין אִיהְר בְּלוּט אִיז אִין אִיהְר
גֶעוֶועזֶען, אוֹיף אַ גְלַאטֶען פֶעלְזֶען־
שְׁטֵיין הָאט זִיא עֶס גֶעלֵייגְט, זִיא הָאט
עֶס נִיט אוֹיף דֶער עֶרְד פֶערְגָאסֶען,
כְּדֵי עֶס מִיט אַשׁ צוּ בֶּעדֶעקֶען :
8 כְּדֵי עֶס זָאל לָאזֶען אַרוֹיפְגֵיין
גְרִימְצָארְן אוּם זִיךְ נוֹקֵם צוּ זַיין ; הָאבּ
אִיךְ גֶעגֶעבֶּען אִיהְר בְּלוּט אוֹיף דֶעם
גְלַאטֶען פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין, כְּדֵי עֶס זָאל
נִיט צוּגֶעדֶעקְט וֶוערֶען :
9 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
אוֹי וֵויא ! צוּ דֶער בְּלוּטִיגֶער שְׁטָאט,
אִיךְ וֶועל אוֹיךְ גְרוֹיס מַאכֶען אִיהְר
פְלַאם :
10 פֶערְמֶעהְר דִיא הֶעלְצֶער, צִינְד אָן
דָאס פַייעֶר, לָאז דָאס פְלֵיישׁ אֵיינְגֶע־
קָאכְט וֶוערֶען, אוּנְד גוּט גֶעוֶוערְצְט
(אוֹיסְגֶעמִישְׁט) וֶוערֶען, אוּנְד דִיא בֵּיינֶער
זָאלֶען פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען :


אוּנְד

11 אונד דערנאך שטעל עס אַרויף אויף
דיא קוילען לעער, כדי עס זאָל הייס
ווערען, אונד אַז זיין קופּפערנער (טאָפּ)
זאָל גליהען, אונד אַז דאס טומאה
וואס איז אין איהר זאָל צוגיין אונד
איהר שוים זאָל האָבען אַ סוף:
12 זיא האט זיך מיד געמאַכט מיט
ליגען, אונד עס ווערט ניט פון איהר
אַרויסגיין פיל שוים, איהר שוים ווערט
זיין אין דעם פייער:
13 אין דיינע טומאה איז שלעכטיג־
קייט, ווייל איך האב דיך געוואָלט
ריינגען אָבער דוא ביזט ניט ריין
געוואָרען פון דיין טומאה, אַזוי זאָלסט
דוא ניט מעהר געריינגט ווערען ביז
איך וועל מיין גרימצאָרן קענען דיר
אויסלאָזען:
14 איך יהוה האב עס גערעדט, עס
ווערט אָנקומען, אונד איך וועל עס
טהון, איך וועל מיך ניט צוריקציהען,
אונד איך וועל ניט פערשוינען, אונד
איך וועל אויך ניט קיין חרטה האָבען,
איך וועל דיך משפּט'ן נאך דיינע
וועגען אונד נאך דיינע (בייזע) מעשים,
זאָגט דער האר גאָט:
15 אונד דאס וואָרט פון גאָט איז צו
מיר געוועזען, אַזוי צו זאָגען:
16 בן־אָדם, זעה איך וועל פון דיר
צונעמען דיא גלוסטיגקייט פון דיינע
אויגען דורך אַ מגפה, אָבער דוא
זאָלסט ניט קלאָגען אונד זאָלסט ניט
בעוויינען, אונד עס זאָלען אויך ניט
קומען קיינע טרערען:
17 אין דער שטיל זאָלסט דוא זיפצען,
אונד דוא זאָלסט ניט קיינע אַבילות
מאַכען וועגען דעם מת, דיינע שיינע
צירונג זאָלסט דוא דיר אָנבינדען,
אונד דוא זאָלסט אָנטהון דיינע שיך
אויף דיינע פיס, אונד דוא זאָלסט
ניט בעדעקען דיינע שנורבאַרט, אונד
דוא זאָלסט ניט עסען דאס ברויט פון
(אַנדערע) לייט:
18 אַזוי האב איך גערעדט צו דעם
פאָלק אין דעם פריה־מאָרגען, אונד
אויף דער נאַכט איז מיין ווייב גע־
שטאָרבען, אונד איך האב געטהון אין
דער פריה אַזוי וויא מען האט מיר
געבאָטען:
19 אונד דאס פאָלק האט צו מיר
געזאָגט ווילסט דוא אונס ניט זאָגען
וואס דאס בעדייט וואס דוא טהוסט
אַזוי?
20 אַזוי האב איך צו זייא געזאָגט,
דאס וואָרט פון גאָט איז צו מיר
געוועזען, אַזוי צו זאָגען:
21 זאָג צו דעם הויזגעזינד פון
ישראל, אַזוי זאָגט דער האר גאָט,
זעה איך וועל מחלל זיין מיין בית
המקדש וואס איז דיא שיינקייט פון
אייערע שטאַרקהייט, אונד דאס ליב־
ליכסטע פון אייערע אויגען, אונד דיא
דערבאַרמקייט פון אייערע לייבער,
אונד אייערע זיהן אונד אייערע טעכטער
וואס איהר האט איבערגעלאָזט, וועלען
פאַלען דורך דעם שווערט:
22 אונד איהר זאָלט טהון אַזוי וויא
איך האב געטהון איהר זאָלט ניט
בעדעקען דעם שנורבאַרט, אונד איהר
זאָלט אויך ניט עסען דאס ברויט פון
אַנדערע לייט:
23 אייערע שיינע צירונג זאָלט איהר
אָנטהון אויף אייערע קעפּ אונד אייערע
שיך אויף אייערע פיס, איהר זאָלט
ניט קלאָגען אונד ניט וויינען, נייערט

איהר וועט צוגיין מחמת אייערע זינד,
אונד קלאָגען איינער צום אַנדערן:
24 אונד יחזקאל וועט זיין צו אייך
פאַר אַ צייכען, וואָרין אַלעס וואָס ער
האָט געטהון זאָלט איהר אויך טהון,
אונד ווען דאָס וועט אָנקומען אַזוי
זאָלט איהר וויסען אַז איך בּין דער
האר גאָט:
25 אָבּער דוא בּן־אָדם, וועט עס ניט
זיין אַז אין דעם טאָג ווען איך וועל
אַוועקנעמען זייערע שטאַרקהייט פון
זייא, אונד דיא פּרייד פון זייערע
שיינהייט, אונד דאָס ליבּסטע פון
זייערע אויגען, אונד דאָס וואָס זייא
האָבּען אויף זיך דערהויבּען, זייערע
זיהן אונד זייערע טעכטער:
26 אין דעם זעלבּיגען טאָג ווען דער
ענטרונענער וועט צו דיר קומען, אַז
ער זאָל עס דיך מאַכען הערען מיט
דיינע אויערן:
27 אין דעמזעלבּיגען טאָג וועט דיין
מויל אויפגעמאַכט ווערען דורך דעם
ענטרונענען, אונד דוא זאָלסט רעדען
אונד ניט מעהר שטום זיין, אונד דוא
זאָלסט זיין צו זייא פאַר אַ צייכען,
אונד זייא וועלען וויסען אַז איך בּין
יהוה:

## קאפּיטעל כה

1 אונד דאָס וואָרט פון גאָט איז צו
מיר געוועזען, אַזוי צו זאָגען:
2 בּן־אָדם, טהוא דיין פּנים צו דיא
בּני עמון, אונד זאָג נביאות צו זייא:
3 אונד דוא זאָלסט זאָגען צו דיא
בּני עמון, הערט דאָס וואָרט פון דעם
האר גאָט, אַזוי זאָגט דער האר גאָט,
ווייל דוא האָסט געזאָגט, אַהאַ! וועגען
מיין בּית המקדש ווען מען האָט עס
מחלל געוועזען, אונד וועגען ארץ
ישׂראל ווען עס איז פערוויסט געוואָרען,
אונד וועגען דעם הויזגעזינד פון יהודה,
ווען זייא זענען געגאַנגען אין
גלות:
4 דאַרום זעה, איך וועל דיך איבּער־
ענטפּערן צו דיא מזרח־לייט אַלס אַ
ירושה, אונד זייא וועלען בּעזעצען
זייערע פּאַלאַסטען אין דיר, אונד זייא
וועלען אין דיר מאַכען זייערע וואוינונגען,
זייא וועלען אויפּעסען דיינע פּירות,
אונד זייא וועלען אויסטרינקען דיינע
מילך:
5 אונד איך וועל מאַכען רבּה פאַר
אַ שטאַל צו דיא קעמעלן, אונד (דיא
שטעט פון) דיא בּני עמון פאַר אַ
ווייידע פּלאַץ פון שאָף, אונד איהר
וועט וויסען אַז איך בּין יהוה:
6 וואָרין אַזוי זאָגט דער האר גאָט,
ווייל דוא האָסט געקלאַטשט מיט
דיינע הענד, אונד האָסט געטרעטען
מיט דיא פיס, אונד האָסט דיך גע־
פרייט מיט דיינע גאַנצע פערשעמטהייט
וועגען ארץ ישׂראל:
7 דאַרום, זעה, איך וועל אויס־
שטרעקען מיינע האַנד איבּער דיר
אונד איך וועל דיך איבּערגעבּען פון
דיא גוים געפּרעסען צו ווערען, אונד
איך וועל דיך פערשניידען פון (צווישען)
דיא פעלקער, אונד איך וועל דיך
מאַכען פערלירען פון דיא לענדער,
אונד איך וועל דיך פערטילגען, אונד
דוא וועסט וויסען אַז איך בּין יהוה:
8 אַזוי זאָגט דער האר גאָט, ווייל
מואב אונד שׂעיר האָבּען געזאָגט,
זעה, דאָס הויזגעזינד פון יהודה איז
געוואָרען אַזוי וויא אַלע גוים:

9 דַארוּם, זֶעה, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אוֹיפְ־
מַאכֶען דִיא זַייטֶען פוּן דִיא שְׁטֶעט פוּן
מוֹאָב, פוּן זַיינֶע שְׁטֶעט וָואס זֶענֶען
אַן זַיינֶע עֶק גְרֶענֶעצֶען, דָאס שֶׁענְסְטֶע
פוּן דֶעם לַאנְד, בֵּית הַיְשִׁימוֹת, בַּעַל
מְעוֹן אוּנְד קִרְיָתָיְמָה:
10 צוּ דִיא לֵייט פוּן מִזְרַח־זַייט
עֶנְטְקֶעגֶען דִיא בְּנֵי עַמוֹן, אוּנְד אִיךְ
וֶועל עֶס צוּ זַייא גֶעבֶּען אַלְס יְרוּשָׁה,
כְּדֵי דִיא בְּנֵי עַמוֹן זָאלֶען נִיט גֶעדַאכְט
וֶוערֶען צְווִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער:
11 אוּנְד עֶנְטְקֶעגֶען מוֹאָב וֶועל אִיךְ
טְהוּן (מֵיינֶע) מִשְׁפָּטִים, כְּדֵי זַייא זָאלֶען
ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה:
12 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, ווַייל
אֱדוֹם הָאט אַזָאלְכֶעס גֶעטְהוּן, אוּנְד
הָאט זִיךְ נוֹקֵם גֶעוֶועזֶען אַן דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יְהוּדָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
זִיךְ שְׁטַארְק פֶערְשׁוּלְדִיגְט, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען זִיךְ אַן זַייא נוֹקֵם גֶעוֶועזֶען:
13 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
גָאט, אִיךְ וֶועל אוֹיךְ אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען
מֵיינֶע הַאנְד אִיבֶּער אֱדוֹם, אוּנְד אִיךְ
וֶועל פוּן זַייא פֶערְטִילְגֶען מֶענְשֶׁען
אוּנְד בְּהֵמוֹת, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא
חָרוּב מַאכֶען פוּן דָרוֹם־זַייט, אוּנְד
דִיא לֵייט פוּן דְדָן וֶועלֶען פַאלֶען דוּרְךְ
דֶעם שְׁוֶוערְט:
14 אוּנְד אִיךְ וֶועל הָאבֶּען מֵיינֶע
נְקָמָה אָן אֱדוֹם דוּרְךְ מֵיין פָאלְק
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיךְ וֶועל טְהוּן אָן אֱדוֹם,
נָאךְ מֵיין צָארְן אוּנְד נָאךְ מֵיין גְרִימְ־
צָארְן, אוּנְד זַייא וֶועלֶען ווִיסֶען אַז
דָאס אִיז מֵיינֶע נְקָמָה, זָאגְט דֶער
הַאר גָאט:
15 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, ווַייל
דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטְהוּן
דוּרְךְ נְקָמָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ
נוֹקֵם גֶעוֶועזֶען מִיט גַאנְצֶע פֶערְשֶׁעמְטְ־
הַייט, כְּדֵי (זַייא) צוּ פֶערְדַארְבֶּען מִיט
אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע פֵיינְדְשַׁאפְט:
16 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
גָאט, זֶעה, אִיךְ וֶועל אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען
מֵיינֶע הַאנְד קֶעגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים,
אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְשְׁנֵיידֶען דִיא
כְּרֵיתִים, אוּנְד וֶועל פֶערְטִילְגֶען דָאס
אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג פוּן דֶעם בָּארְטֶען פוּן
דֶעם יָם:
17 אוּנְד אִיךְ וֶועל אָן זַייא טְהוּן
גְרוֹיסֶע נְקָמוֹת אוּנְד זַייא שְׁטְרָאפֶען
מִיט גְרִימְצָארְן, אוּנְד זַייא וֶועלֶען
ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה, וֶוען אִיךְ
וֶועל אָן זַייא גֶעבֶּען מֵיינֶע נְקָמָה:

## קאפיטעל כו

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
עֶלְפְטֶען יָאהְר, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג
פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ אַזוֹי אִיז דָאס וָוארְט
פוּן גָאט צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען אַזוֹי צוּ
זָאגֶען:
2 בֶּן־אָדָם, ווַייל דָאס וָואס צוֹר הָאט
גֶעזָאגְט קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם, אַהָא! זִיא
וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא טִירֶען פוּן דִיא
פֶעלְקֶער אִיז צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען, זִיא
הָאט זִיךְ צוּ מִיר גֶעקֶעהְרְט, אִיךְ וֶועל
פוּל וֶוערֶען (ווַייל) זִיא אִיז חָרוּב:
3 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
זֶעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיר, צוֹר, אוּנְד
אִיךְ וֶועל קֶעגֶען דִיר פִילֶע פֶעלְקֶער
אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען, אַזוֹי וִויא דָאס יָם
בְּרֶענְגְט אַרוֹיף זַיינֶע אִינְדֶען:
4 אוּנְד זַייא וֶועלֶען פֶערְדַארְבֶּען דִיא
מוֹיעֶרְן פוּן צוֹר, אוּנְד זַייא וֶועלֶען
אַרוּפְּוַוארְפֶען אִיהְרֶע טוּרְמֶער, אוּנְד
אִיךְ וֶועל דֶערְפוּן אָפְּקְרַאצֶען דֶעם

שְׁטוֹיבּ אוּנְד אִיךְ װָעל זֵייא מַאכֶען
צוּ אַ גְלַאטֶען פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין׃
5 עֶס װָעט זַיין פַאר אֵיין אוֹיסְשְׁפְּרֵייר־
טוּנְג פוּן נֶעצֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן
דֶעם יַם, װָארִין אִיךְ הָאבּ עֶס גֶערֶעט
זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אוּנְד זִיא װָעט
זַיין צוּ אַ רוֹיבּוּנְג פַאר דִיא פֶעלְקֶער׃
6 אוּנְד אִיהְרֶע טֶעכְטֶער װָאס זֶענֶען
אוֹיף דֶעם פֶעלְד װָעלֶען גֶעהַרְגֶ'ת
װָערֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁװָערְט, אוּנְד זֵייא
װָעלֶען װִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה׃
7 װָארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
זֶעה, אִיךְ װָעל בְּרֶענְגֶען קֶעגֶען צוֹר
נְבוּכַדְרֶאצַר מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל, פוּן צָפוֹן־
זֵייט, װָאס עֶר אִיז אַ מֶלֶךְ אִיבֶּער
מְלָכִים, מִיט פֶערְד אוּנְד מִיט רֵייט־
װָעגֶען אוּנְד מִיט רֵייטֶער, אוּנְד מִיט
אַ גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן פֶעלְקֶער׃
8 עֶר װָעט דֵיינֶע טֶעכְטֶער װָאס
זֶענֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד הַרְגֶ'נֶ'ן מִיט
דֶעם שְׁװָערְט, אוּנְד עֶר װָעט קֶעגֶען
דִיר מַאכֶען אַ פֶעסְטוּנְג, אוּנְד עֶר
װָעט אִיבֶּער דִיר אוֹיפְשִׁיטֶען אַ שַׁאנְץ,
אוּנְד עֶר װָעט קֶעגֶען דִיר אוֹיפְשְׁטֶעלֶען
גֶעפַּאנְצֶערְטֶע (מֶענְער)׃
6 אוּנְד עֶר װָעט זֵיינֶע קַאנָאנֶען
גֶעבֶּען קֶעגֶען דֵיינֶע מוֹיעֶרְן, אוּנְד עֶר
װָעט צוּבְּרֶעכֶען דֵיינֶע טוּרְמֶער מִיט
זֵיינֶע מִלְחָמָה־כֵּלִים׃
10 פוּן װֶעגֶען זֵיינֶע פִילֶע פֶערְד װָעט
דִיךְ זֵייעֶר שְׁטוֹיבּ בְּדֶעקֶען, פוּן דֶעם
גֶעשְׁרֵייא פוּן דִיא רֵייטֶער אוּנְד גֶערוֹיש
פוּן רֶעדֶער אוּנְד רֵייטְװָעגֶען װָעלֶען
דֵיינֶע מוֹיעֶרְן צִיטֶערְן, װֶען עֶר װָעט
אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֵיינֶע טוֹיעֶרְן אַזוֹי
װִיא מֶען קוּמְט אַרֵיין אִין אַ צוּבְּרָא־
כֶענֶע שְׁטָאט׃

11 מִיט דִיא קְלוֹיעֶן פוּן זֵיינֶע פֶערְד
װָעט עֶר צוּטְרֶעטֶען אַלֶע דֵיינֶע גַאסֶען,
דֵיין פָאלְק װָעט עֶר הַרְגֶ'נֶ'ן מִיט דֶעם
שְׁװָערְט, אוּנְד דֵיינֶע שְׁטַארְקֶע זֵיילֶען,
װָעט עֶר צוּ דֶער עֶרְד אַרוּפּבְּרֶענְגֶען׃
12 אוּנְד זֵייא װָעלֶען רוֹיבֶּען דֵיין
פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד פְּלִינְדֶערְן דֵיינֶע
סְחוֹרוֹת, אוּנְד זֵייא װָעלֶען צוּבְּרֶעכֶען
דֵיינֶע מוֹיעֶרְן, אוּנְד דֵיינֶע לוּסְט־הֵייזֶער
װָעלֶען זֵייא צוּשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד דֵיינֶע
שְׁטֵיינֶער אוּנְד דֵיין הָאלְץ, אוּנְד דֵיין
שְׁטוֹיבּ װָעלֶען זֵייא אַרֵיינְלֵייגֶען אִין
דֶעם װַאסֶער׃
13 אוּנְד אִיךְ װָעל מַאכֶען אוֹיפְהֶערֶען
דִיא שְׁטִים פוּן דֵיינֶע לִידֶער, אוּנְד
דָאס קוֹל פוּן דֵיינֶע הַארְפֶען װָעט נִיט
מֶעהְר גֶעהֶערְט װָערֶען׃
14 אוּנְד אִיךְ װָעל דִיךְ מַאכֶען אַזוֹי
װִיא אַ גְלַאטֶער פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין, דוּא
װָעסְט זַיין (אֵיין אָרְט) אוֹיסְצוּשְׁפְּרֵייטֶען
נֶעצֶען, דוּא װָעסְט נִיט מֶעהְר גֶעבּוֹיעֶט
װָערֶען, װָארִין אִיךְ יְהוָֹה הָאבּ דָאס
גֶערֶעט, זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃
15 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט צוּ צוֹר,
זָאלֶען נִיט דִיא אִינְזֶעלְן רוֹישֶׁען פוּן
װֶעגֶען דֶעם גֶעשְׁרֵייא פוּן דֵיינֶע מַפָּלָה,
װֶען דִיא פֶערְװוּנְדֶעטֶע זִיפְצֶען פוּן
װֶעגֶען דִיא גֶעהַרְגֶ'טֶע װָאס זֶענֶען
צְװִישֶׁען דִיר גֶעהַרְגֶ'ת גֶעװָארֶען׃
16 אוּנְד אַלֶע פֶערְשְׁטֶען פוּן דֶעם יַם
װָעלֶען אַרוּנְטֶערְקוּמֶען פוּן זֵייעֶרֶע שְׁטוּ־
לֶען, אוּנְד זֵייא װָעלֶען פוּן זִיךְ
אָפְּטְהוּן זֵייעֶרֶע מַאנְטֶעלְן, אוּנְד זֵייעֶרֶע
גֶעשְׁטִיקְטֶע קְלֵיידֶער װָעלֶען זֵייא זִיךְ
אוֹיסְטְהוּן, אוּנְד זֵייא װָעלֶען זִיךְ
אָנְטְהוּן מִיט צִיטֶערְנִיס, זֵייא װָעלֶען
זִיצֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד יֶעדֶע רֶגַע

וֶועלֶען זַייא צִיטֶערְן, אוּנְד זַייא וֶועלֶען
זִיךְ אִיבֶּער דִיר פֶערְוְואוּנְדֶערְן:
17 אוּנְד זַייא וֶועלֶען אִיבֶּער דִיר
קְלָאגֶען, אוּנְד וֶועלֶען וֶועגֶען דִיר זָאגֶען,
אוֹי וִויא בִּיזְט דוּא פֶערְלוֹירֶען, דוּא,
וָואס בִּיזְט בֶּעוְואוֹינְט גֶעוֶועזֶען פוּן
(וֶועגֶען) דִיא יַמִּים, דִיא בֶּערִיהְמְטֶע
שְׁטָאט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְק פוּן
וֶועגֶען דֶעם יַם, זִיא אוּנְד אִיהְרֶע בֶּע־
וְואוֹינֶער, וָואס הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ
שְׁרֶעק צוּ אַלֶע אִיהְרֶע בֶּעוְואוֹינֶער!
18 אַצוּנְד וֶועלֶען דִיא אִינְזֶעלְן צִיטֶערְן
אִין דֶעם טָאג פוּן דַיין מַפָּלָה, יוֹא,
דִיא אִינְזֶעלְן פוּן דֶעם יַם וֶועלֶען
דֶערְשְׁרָאקֶען וֶוערֶען פוּן וֶועגֶען דַיין
אַרוֹיסְגַיין:
19 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
וֶוען אִיךְ וֶועל דִיךְ מַאכֶען אַ פֶערְ־
וִויסְטֶע שְׁטָאט, אַזוֹי וִויא דִיא שְׁטֶעט
וָואס זֶענֶען נִיט בֶּעוְואוֹינְט; וֶוען אִיךְ
וֶועל קֶעגֶען דִיר אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען דִיא
טִיפֶענִים, אוּנְד גְרוֹיסֶע וַואסֶערְן וֶועלֶען
דִיךְ בֶּעדֶעקֶען:
20 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ אַרוּנְטֶער־
בְּרֶענְגֶען מִיט דִיא וָואס גֵייעֶן אַרוּפ
אִין דִיא גְרוּב, צוּ דֶעם (גַאנְץ) אַלְטֶען
פָאלְק, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מַאכֶען
וְואוֹינֶען אִין דִיא אוּנְטֶערְשְׁטֶע עֶרְד,
וָואס אִיז שׁוֹין פוּן לַאנְג אַהֶער חָרוּב,
מִיט דִיא וָואס נִידֶערְן אַרוּפ אִין דִיא
גְרוּב, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט נִיט בֶּעוְואוֹינְט
וֶוערֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען דִיא
שֵׁיינְקֵייט אִין דֶעם לַאנְד פוּן דִיא
לֶעבֶּעדִיגֶע:
21 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מַאכֶען צוּם
שְׁרֶעקֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט נִיט מֶעהְר
זַיין, אוּנְד מֶען וֶועט דִיךְ זוּכֶען אָבֶּער
דוּא וֶועסְט קֵיינְמָאל נִיט מֶעהְר גֶעפ־
פוּנֶען וֶוערֶען, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

קאפּיטעל כז

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ
מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, הֵייבּ אוֹיף אַ
קְלָאג אִיבֶּער צוֹר:
3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ צוֹר,
אוֹי דוּא, וָואס וְואוֹינְסְט בֵּייא דֶעם
אַיינְגַאנְג פוּן דֶעם יַם, וָואס דוּא
הַאנְדֶעלְסְט מִיט דִיא פֶעלְקֶער פוּן
פִילֶע אִינְזֶעלְן, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
גָאט, אוֹי צוֹר דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט,
אִיךְ בִּין אִים גַאנְצֶען שֵׁיין:
4 אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם יַם זֶענֶען
דַיינֶע גְרֶענֶעצֶען, דַיינֶע בּוֹיעֶרְס הָאבֶּען
דִיךְ אִים גַאנְצֶען שֵׁיין גֶעמַאכְט:
5 מִיט בּוּקְסֶען־בֵּיימֶער פוּן שְׂנִיר
הָאבֶּען זַייא גֶעבּוֹיעֶט אַלֶע דַיינֶע
שִׁיפְס־בְּרֶעטֶער, זַייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען
טֶענֶענְג־בֵּיימֶער פוּן לְבָנוֹן כְּדֵי פוּן
זַייא זֶעגֶעל־בֵּיימֶער צוּ מַאכֶען פַאר
דִיר:
6 פוּן לִינְדֶען־בֵּיימֶער אוֹיס בָּשָׁן
הָאבֶּען זַייא גֶעמַאכְט דַיינֶע רוּדֶערְס,
דַיינֶע בְּרֶעטֶער הָאבֶּען זַייא גֶעמַאכְט
בֶּעדֶעקְט פוּן עֶלְפֶענְבֵּיין וָואס מֶען
הָאט גֶעבְּרַאכְט פוּן דִיא אִינְזֶעלְן פוּן
דִיא כִּתִּים:
7 פֵיינֶע לֵיינֶען מִיט שְׁטִיק־אַרְבֵּייט
אוֹיס מִצְרַיִם אִיז גֶעוֶועזֶען דַיינֶע אוֹיס־
שְׁפְּרֵייטוּנְג, אַז עֶס זָאל זַיין צוּ דִיר
פַאר אַ זֶעגֶעל־פָאהְן; בְּלוֹיעֶ וָואל אוּנְד
פוּרְפֶּעל אוֹיס דֶער אִינְזֶעל אֱלִישָׁה אִיז
גֶעוֶועזֶען דַיינֶע אִיבֶּערְדֶעק:
8 דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן צִידוֹן אוּנְד
אַרְוַד זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דַיינֶע שִׁיפְס־לֵייט,

דײַנע קלוגע לײַט וואָס זענען
אין דיר אַ צור, זײ זענען געװעזן
דײַנע שיפֿס־פֿירהערס:
9 די עלטסטע פֿון גבל און זײערע
חכמים וואָס זענען געװעזן אין דיר
צוגערעכט צו מאַכן דײַן צובראָכענעס,
אַלע שיפֿן פֿון דעם ים און זײערע
שיפֿס־לײַט זענען אין דיר געװעזן
(ערוב צו זײַן) כּדי צו האַנדלען מיט
דײַן האַנדעל:
10 פּרס און לוד און פּוט זענען
געװעזן אין דײַן חיל, דײַנע מלחמה־
לײַט, זײ האָבן אין דיר אױפֿגעהאַנגען
זײערע פּאַנצערס און אײַזערנע היטעלן,
זײ האָבן דיך שײן געמאַכט:
11 די לײַט פֿון אַרוד מיט דײַן חיל
זענען געװעזן אױף דײַנע מױערן
רינגס אַרום, און די גמדים זענען
געװעזן אין דײַנע טורמען, זײערע
שילדען האָבן זײ אױפֿגעהאַנגען
אױף דײַנע מױערן רינגס אַרום, זײ
האָבן דיך גאַנץ שײן געמאַכט:
12 די פֿון תּרשיש זענען געװעזן
דײַנע סוחרים, פֿון װעגן דעם גרױסען
פֿערמעגען, מיט זילבער און אײַזען,
בלײַ און צין האָבן זײ בעצאָהלט
פֿאַר דײַנע סחורה:
13 יון תּובל און משך, זענען גע־
װעזן דײַנע סוחרים, מיט מענשען
און קופּערנע כּלים האָבן זײ דיר
בעצאָהלט פֿאַר דײַנע סחורה:
14 די פֿון דעם הױז תּוגרמה האָבען
געהאַנדעלט אױף דײַנע מאַרקטען
מיט פֿערד און רײַטער, און מױל־
אײזעלן:
15 די לײַט פֿון דדן זענען געװעזן
דײַנע סוחרים, פֿילע אינזעלן זענען
געװעזן די סחורה פֿון דײַנע האַנד,
עלעפֿאַנטען־בײן און עבּענע־האָלץ
האָבען זײ צו דיר צוריקגעבראַכט
פֿאַר אַ בעצאָהלונג:
16 אַרם איז געװעזן דײַנע הענדֿ־
לערס פֿון װעגן דײַנע פֿילע װערק,
מיט קאַרפֿינקעל (נופך), פּורפּעל־װאָל,
און שטיקערײען, און פֿײנע לײַנע־
װאַנד, און קרעלען, און גראַנאַט־
שטײנער האָבען זײ בעצאָהלט פֿאַר
דײַנע סחורה:
17 יהודה און ארץ ישׂראל, זײ
זענען אױך געװעזן דײַנע הענדלערס,
מיט װײץ פֿון מנית און פּנג, און
האָניג, און בױם־אײל, און באַלזאַם
האָבען זײ בעצאָהלט פֿאַר דײַנע
סחורה:
18 דמשׂק איז געװעזן דײַנע הענד־
לערס, װעגן דײַנע פֿילע װערק און
װעגן אַלערלײ רײַכטהום, מיט װײן
פֿון חלבון און װײסע װאָל:
19 און דן און יון פֿון אוזל האָבען
בעצאָהלט פֿאַר דײַנע סחורה מיט
פּאָלירטעס אײזען, אינגבער און
צימערינד, (דאָס) איז געװעזן אױף
מאַרקטען:
20 דדן איז געװעזן דײַן סוחר,
מיט פֿרעכטיגע קלײדער פֿאַר רײַטער:
21 די עראַבער און אַלע פֿערשטען
פֿון קדר זײ האָבען מיט דיר גע־
האַנדעלט, מיט לעמער און װידער
און בעק, מיט זײ האָבען זײ
בעצאָלט פֿאַר דײַנע סחורה:
22 די סוחרים פֿון שבא און
רעמא, זײ האָבען מיט דיר געהאַנ־
דעלט, מיט אַלערלײ בעסטע בשׂמים,
און מיט אַלערלײ טײַערע שטײנער,

אוּנְד מִיט גָאלְד הָאבֶּען זֵייא דִיר
בֶּעצָאלְט פַאר דֵיינֶע סְחוֹרָה׃
23 חָרָן, אוּנְד כַּנֵּה אוּנְד עֶדֶן, זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען דִיא סוֹחֲרִים פוּן שְׁבָא; אַשּׁוּר
אוּנְד כִּלְמַד הָאבֶּען אוֹיךְ מִיט דִיר
גֶעהַאנְדֶעלְט׃
24 זֵייא הָאבֶּען מִיט דִיר גֶעהַאנְדֶעלְט
אִין פְּרַאכְטְפָאלֶע זַאכֶען, מִיט קְלֵיידֶער
פוּן בְּלוֹיעַ־וָואל אוּנְד שְׁטִיקֶערֵייא, אוּנְד
מִיט שֵׁיינֶע צִירוּנְגֶען אוּנְד קֶעסְטְלֶעךְ
אַרוּמְגֶעבּוּנְדֶען מִיט שְׁנִירְלֶעךְ, אוּנְד
(מִיט קֶעסְטְלֶעךְ פוּן) טֶענֶען־הָאלְץ אִיז
גֶעוֶועזֶען מִיט זֵייא דֵיין הַאנְדֶעל׃
25 דִיא שִׁיפֶען פוּן תַּרְשִׁישׁ הָאבֶּען
גֶעזוּנְגֶען דֵיין לוֹיבּ אוֹיף דֵיינֶע מַארְקְטֶען,
אוּנְד דוּא בִּיזְט פוֹל גֶעוָוארֶען אוּנְד
מֶען הָאט דִיךְ זֶעהְר גֶעלוֹיבְּט אִין
דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם יַם׃
26 דִיא וָואס זֶענֶען דֵיינֶע שִׁיף רוּדֶערְם
הָאבֶּען דִיךְ גֶעבְּרַאכְט אִין פִילֶע
וַואסֶערְן, דֶער מִזְרַח־ווִינְד הָאט דִיךְ
צוּבְּרָאכֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם יַם׃
27 דֵיין פֶּערְמֶעגֶען, אוּנְד דֵיינֶע
מַארְקְטֶען, דֵיינֶע סְחוֹרָה, אוּנְד דֵיינֶע
שִׁיפְס־לֵייט, אוּנְד דֵיינֶע מַאטְרָאזֶען,
אוּנְד צוּרֶעכְט מַאכֶערְס, אוּנְד דִיא וָואס
בְּרֶענְגֶען דֵיינֶע בֶּעדַארְפֶענִים, אוּנְד
אַלֶע דֵיינֶע בַּעֲלֵי־מִלְחָמָה, וָואס זֶענֶען
אִין דִיר, אוּנְד מִיט אַלֶע דֵיינֶע
פֶערְזַאמְלוּנְגֶען וָואס זֶענֶען צְווִישֶׁען
דִיר וֶועלֶען אַרֵיינְפַאלֶען אִין מִיטֶען
פוּן יַם אִין דֶעם טָאג פוּן דֵיינֶע
מַפָּלָה׃
28 פוּן וֶועגֶען דֶעם גֶעשְׁרֵייא פוּן
דֵיינֶע שִׁיפְס־לֵייט וֶועלֶען דִיא נָאהֶנְטֶע
שְׁטֶעט צִיטֶערְן׃
29 אַלֶע וָואס פִיהְרֶען דִיא שִׁיפֶען,
דִיא מַאטְרָאזֶען, אוּנְד אַלֶע שְׁטֶערִיק
הַאלְטֶער פוּן דִיא שִׁיפֶען פוּן דֶעם יַם
זֵייא וֶועלֶען אַרוּנְטֶערְגֵיין פוּן זֵייעֶרֶע
שִׁיפֶען אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ שְׁטֶעלֶען
אוֹיף דֶעם לַאנְד׃
30 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען קֶענֶען דִיר
מַאכֶען הֶערֶען זֵייעֶר קוֹל, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען בִּיטֶערְלִיךְ שְׁרֵייעֶן, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע קֶעפּ אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען
שְׁטוֹיבּ, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ אַרוּי־
וַואלְגֶערְן אִין אַשׁ׃
31 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ וֶועגֶען דִיר
גַאנְץ קָאהְל מַאכֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
זִיךְ אָנְגַארְטְלֶען מִיט זֶעק, אוּנְד וֶועלֶען
וֶועגֶען דִיר ווֵיינֶען מִיט אַ בִּיטֶער
גֶעמִיט, אוּנְד מִיט אַ בִּיטֶערֶע קְלָאג׃
32 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אִיבֶּער דִיר
אוֹיפְהֵייבֶּען אַ קְלָאג, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
אִיבֶּער דִיר קְלָאגֶען, (אוּנְד זָאגֶען)
אוֹי! וֶוער אִיז אַזוֹי ווִיא צוֹר אוּנְד ווִיא
דוּמָה אִין דֶער מִיטֶען פוּן יַם?
33 וֶוען דֵיינֶע סְחוֹרָה אִיז אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא יַמִּים אַזוֹי הָאסְט
דוּא גֶעזֶעטִיגְט פִיל פֶעלְקֶער דוּרְךְ דֵיין
גְרוֹיס פֶערְמֶעגֶען אוּנְד מִיט דֵיינֶע
סְחוֹרָה הָאסְט דוּא רֵייךְ גֶעמַאכְט דִיא
מְלָכִים פוּן דֶער עֶרְד׃
34 אָבֶּער אִין דֶער צֵייט וֶוען דוּא
וֶועסְט צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען פוּן דִיא יַמִּים
אִין דִיא טִיפֶע וַואסֶערְן, אַזוֹי וֶועלֶען
דֵיינֶע סְחוֹרָה אוּנְד דֵיינֶע גַאנְצֶע פֶערְ־
זַאמְלוּנְג אִין דֵיינֶער מִיטֶע פַאלֶען׃
35 אַלֶע בֶּעווָאוּינֶער פוּן דִיא אִינְזֶעלְן
וֶועלֶען זִיךְ אִיבֶּער דִיר פֶערְווָאוּנְדֶערְן,
אוּנְד זֵייעֶרֶע מְלָכִים וֶועלֶען זֵייעֶר מוֹרָא
הָאבֶּען אוּנְד וֶועלֶען הָאבֶּען אַ טְרוֹירִיג
פָּנִים׃

36 דִיא סוֹחְרִים אוּנְטֶער דִיא פֶעלְקֶער
װָעלֶען אִיבֶּער דִיר פֵּייפֶען, דוּא בִּיזְט
גֶעװָארֶען אַ שְׁרֶעקֶענִיס, אוּנְד דוּא
װֶעסְט אוֹיף אֵייבִּיג נִיט מֶעהְר זַיין:

## קאפיטעל כח

1 אוּנְד דָאס װָארְט פוּן גָאט אִיז צוּ
מִיר גֶעװֶעזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 בֶּן־אָדָם, זָאג צוּ דֶעם נָגִיד פוּן
צוֹר, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, װייל
דֵיין הַארְץ הָאט זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען, אוּנְד
דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין אַ גָאט,
אִיךְ בִּין גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם גֶעזֶעס
פוּן גָאט, אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם
יַם; דָאךְ בִּיזְט דוּא נָאר אַ מֶענְשׁ אוּנְד
נִיט אַ גָאט, הָאטְשֶׁע דוּא הָאסְט גֶע־
מַאכְט דֵיין הַארְץ װִיא דָאס הַארְץ פוּן
גָאט:
3 זֶעה, (דוּא מֵיינְסְט) אַז דוּא בִּיזְט
קְלִיגֶער װִיא דָנִיאֵל, אוּנְד עֶס אִיז
גָארְנִיט פֶערְבָּארְגֶען פוּן דִיר:
4 דוּרְךְ דֵיינֶע חָכְמָה אוּנְד דוּרְךְ
דֵיין פֶערְשְׁטַאנְד הָאסְט דוּא דִיר
רֵייכְטוּם אָנְגֶעשַׁאפְט, אוּנְד הָאסְט
אַרֵיינְגֶעטְהוּן גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער אִין
דֵיינֶע אוֹצָרוֹת:
5 דוּרְךְ דֵיינֶע גְרוֹיסֶע חָכְמָה אוּנְד
דוּרְךְ דֵיין הַאנְדֶעל הָאסְט דוּא גֶע־
מֶעהְרְט דֵיין פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד דֵיין
הַארְץ אִיז דֶערְהוֹיבֶּען װֶעגֶען דֵיין
פֶערְמֶעגֶען:
6 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
װייל דוּא הָאסְט גֶעמַאכְט דֵיין הַארְץ
אַזוֹי װִיא דָאס הַארְץ פוּן גָאט:
7 דַארוּם, זֶעה אִיךְ װֶעל קֶעגֶען דִיר
בְּרֶענְגֶען פְרֶעמְדֶע, דִיא שְׁרֶעקְלִיכְסְטֶע
פוּן דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען
אַרוֹיסְצִיהֶען זֵייעֶרֶע שְׁװֶערְדֶען קֶעגֶען דִיא
שֵׁיינְקַייט פוּן דֵיינֶע חָכְמָה, אוּנְד זֵייא
װֶעלֶען פֶערְשְׁװֶעכֶען דֵיינֶע שֵׁיינְקַייט:
8 זֵייא װֶעלֶען דִיךְ אַרוּנְטֶערְבְּרֶענְגֶען
אִין דִיא גְרוּב, אוּנְד דוּא װֶעסְט גֶעטֵייט
װֶערֶען מִיט דֶעם טוֹיט פוּן דִיא דֶער־
שְׁלָאגֶענֶע אִין מִיטֶען פוּן יַם:
9 װֶעסְט דוּא דֶען נָאךְ קֶענֶען זָאגֶען
פַאר דֶעם װָאס דֶערְשְׁלָאגְט דִיךְ, אִיךְ
בִּין גָאט? דוּא בִּיזְט דָאךְ נָאר אַ מֶענְשׁ
אוּנְד נִיט גָאט, אִין דֶער הַאנְד פוּן
דֶעם װָאס דֶערְשְׁלָאגְט דִיךְ:
10 דוּא װֶעסְט שְׁטַארְבֶּען דֶעם טוֹיט
פוּן דִיא עֲרֵלִים דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן
פְרֶעמְדֶע, װָארִין אִיךְ הָאבּ עֶס גֶערֶעט,
זָאגְט דֶער הַאר גָאט:
11 אוּנְד דָאס װָארְט פוּן גָאט אִיז צוּ
מִיר גֶעװֶעזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
12 בֶּן־אָדָם, הֵייבּ אוֹיף אַ קְלָאג קֶעגֶען
דֶעם מֶלֶךְ פוּן צוֹר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
צוּ אִיהְם זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
גָאט, דוּא הָאסְט פֶערְחַתְמֶעט דָאס
גֶעשְׁטַאלְט פוֹל מִיט חָכְמָה אוּנְד אִין
גַאנְץ שֵׁיינְקַייט:
13 דוּא בִּיזְט גֶעװֶעזֶען אִין דֶעם גַן
עֵדֶן פוּן גָאט, אַלֶע טֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער
זֶענֶען גֶעװֶעזֶען דֵיינֶע צוּדֶעק, רוּבִּינֶען
תּוֹפֶּז אוּנְד דֶער דִיאַמַאנְט, בֶּערִיל,
אָנִיקְס אוּנְד יַאסְפֶּער, דֶער סַפִּיר,
קַארְפוּנְקֶעל אוּנְד דֶער סְמַארַגַאד, אוּנְד
גָאלְד, דִיא קוּנְסְט־אַרְבֵּייט פוּן דֵיינֶע
פוֹיקֶען אוּנְד פְלֵייטֶען זֶענֶען צְװִישֶׁען
דִיר גֶעװֶעזֶען פוּן דֶעם טָאג אָן װָאס
דוּא בִּיזְט בֶּעשַׁאפֶען גֶעװָארֶען:
14 דוּא בִּיזְט גֶעװֶעזֶען דֶער גֶעזַאלְבּ־
טֶער כְּרוּב װָאס בֶּעדֶעקְט דִיךְ, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעגֶעבֶּען אוֹיף דֶעם
הֵיילִיגֶען בַּארְג פוּן גָאט, דוּא בִּיזְט

אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן
דִיא פֵייעֶרִיגֶע שְׁטֵיינֶער׃
15 דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען גַאנְץ אִין
דֵיינֶע וֶועגֶען פוּן דֶעם טָאג אָן וֶוען
אִיךְ הָאבּ דִיךְ בֶּעשַׁאפֶען, בִּיז מֶען
הָאט אִין דִיר אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט גֶע־
פוּנֶען׃
16 פוּן וֶועגֶען דֵיינֶע פִילֶע סְחוֹרָה
בִּיזְט דוּא אִין דִיר פוּל גֶעוָוארֶען מִיט
רוֹיבֶּעֲרֵייא, אוּנְד דוּא הָאסְט דִיךְ
פֶערְזִינְדִיגְט, דַארוּם וֶועל אִיךְ דִיךְ
פֶערְשְׁוֶועכֶען (מְחַלֵּל זַיין) פוּן דֶעם
בַּארְג פוּן גָאט, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ
פֶערְטִילְגֶען, אוֹי דוּא בֶּעדֶעקְטֶער כְּרוּב,
פוּן צְוִוישֶׁען דִיא פֵייעֶרְדִיגֶע שְׁטֵיינֶער׃
17 דֵיין הַארְץ הָאט זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען
וֶועגֶען דֵיינֶע שֵׁיינְקֵייט, דוּא הָאסְט
פֶערְדָארְבֶּען דֵיינֶע חָכְמָה וֶועגֶען דֵיינֶע
שֵׁיינְקֵייט, אִיךְ הָאבּ דִיךְ אוֹיף דֶער
עֶרְד אַנִידֶערְגֶעוָוארְפֶען פַאר דִיא מְלָכִים,
אִיךְ הָאבּ דִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען כְּדֵי זַייא
זָאלֶען דִיךְ זֶעהֶען (בֶּעטְרַאכְטֶען)׃
18 פוּן וֶועגֶען דֵיינֶע פִילֶע זִינְד, אוּנְד
דֵיין אוּנְגֶערֶעכְטֶען הַאנְדֶעל הָאסְט דוּא
מְחַלֵּל גֶעוֶועזֶען דֵיינֶע מִקְדָּשִׁים דַא־
רִיבֶּער וֶועל אִיךְ אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען אַ
פֵייעֶר פוּן צְוִוישֶׁען דִיר, דָאס וֶועט
דִיךְ פֶערְבְּרֶענֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ
מַאכֶען צוּ אַשׁ (שְׁטוֹיבּ) פוּן דֶער עֶרְד
פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן אַלֶע וָואס וֶועלֶען
דִיךְ זֶעהֶען׃
19 אַלֶע דִיא וָואס הָאבֶּען דִיךְ גֶעקָאנְט
אוּנְטֶער דִיא פֶעלְקֶער וֶועלֶען זִיךְ
אִיבֶּער דִיר פֶערְוואוּנְדֶערְן, דוּא וֶועסְט
וֶוערֶען צוּם שְׁרֶעקֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט
נִיט מֶעהְר זַיין בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג׃
20 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ

מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
21 בֶּן־אָדָם הֵייבּ אוֹיף דַיין פָּנִים
קֶעגֶען צִידוֹן אוּנְד זָאג נְבִיאוֹת קֶעגֶען
אִיהְר׃
22 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי
זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעה, אִיךְ בִּין
קֶעגֶען דִיר צִידוֹן, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ
צְוִוישֶׁען דִיר פֶערְהֶערְלִיכֶען, אוּנְד זַייא
וֶועלֶען וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה, וֶוען
אִיךְ וֶועל אִין זַייא טְהוּן מִשְׁפָּטִים אַזוֹי
וֶועל אִיךְ אִין אִיהְר גֶעהֵיילִיגְט וֶוערֶען׃
23 וָוארִין אִיךְ וֶועל אִין אִיהְר שִׁיקֶען
מָארְד אוּנְד בְּלוּט אִין אִיהְרֶע גַאסֶען,
אוּנְד דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע וֶועלֶען אִין
אִיהְר פַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד וָואס
וֶועט דַארוֹיף זַיין רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד
זַייא זָאלֶען וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה׃
24 אוּנְד עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר זַיין צוּ
דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל אָ שְׁטַא־
כֶעלְדִיגֶער דָארְן אוּנְד אַ דָארְן וָואס
טְהוּט וֵוייא פוּן אַלֶע וָואס זֶענֶען רִינְגְס
אַרוּם זַייא, וָואס פֶערְשְׁפָּאטֶען זַייא,
אוּנְד זַייא וֶועלֶען וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין
דֶער הַאר גָאט׃
25 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
וֶוען אִיךְ וֶועל אֵיינְזַאמֶעלְן דָאס הוֹיז־
גֶעזִינְד יִשְׂרָאֵל פוּן דִיא פֶעלְקֶער אַוְואוּ
זַייא זֶענֶען צְוִוישֶׁען זַייא פֶערְשְׁפְּרֵייט,
אַזוֹי וֶועל אִיךְ אִין זַייא גֶעהֵיילִיגְט
וֶוערֶען פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא גוֹיִם,
אוּנְד זַייא וֶועלֶען וְואוֹינֶען אוֹיף זַייעֶר
(אֵייגֶען) לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען
צוּ מֵיין קְנֶעכְט, צוּ יַעֲקֹב׃
26 אוּנְד זַייא וֶועלֶען דַארִינֶען וְואוֹינֶען
אִין זִיכֶערְהֵייט, אוּנְד זַייא וֶועלֶען בּוֹיעֶן
הֵייזֶער, אוּנְד זַייא וֶועלֶען פְּלַאנְצֶען
וֵויינְגֶערְטֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען וְואוֹינֶען

אין

אִין זִיכֶערְהֵייט, װֶען אִיךְ װֶעל טְהוּן
שְׁפָטִים אַן אַלֶע װָאס הָאבֶּען זֵייא
פֶערשְׁפָּאט פוּן רִינְגְס אַרוּם זֵייא, אוּנְד
זֵייא װֶעלֶען װִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה
זֵייעֶר גָאט׃

## קאפיטעל כט

1 אִין דֶעם צֶעהְנְטֶען יָאהְר, אִין דֶעם
צֶעהְנְטֶען חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם צְוֶועלְפְטֶען
טָאג פוּן חוֹדֶשׁ, אִיז דָאס וָוארְט פוּן
גָאט צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
2 בֶּן־אָדָם, הֵייבּ אוֹיף דֵיין פָּנִים
קֶעגֶען פַּרְעֹה מֶלֶךְ פוּן מִצְרַיִם אוּנְד
זָאג נְבִיאוּת אִיבֶּער אִיהְם, אוּנְד אִיבֶּער
גַאנְץ מִצְרַיִם׃
3 רֶעד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי
זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעה אִיךְ בִּין
קֶעגֶען דִיר, פַּרְעֹה מֶלֶךְ פוּן מִצְרַיִם,
דֶער גְרוֹיסֶער דְרַאכֶען־פִּישׁ וָואס
הוֹיעֶרְט אִין דֶער מִיטֶען פוּן דִיא
שְׁטְרוֹימֶען, אוּנְד וָואס זָאגְט צוּ מִיר
גֶעהֶערְט דֶער שְׁטְרוֹים אוּנְד אִיךְ הָאבּ
אִיהְם גֶעמַאכְט׃
4 אָבֶּער אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען (טְהוּן) אַ
הָאקֶען אִין דֵיינֶע בַּאקֶען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל מַאכֶען אַז דִיא פִּישׁ פוּן דֵיינֶע
שְׁטְרוֹימֶען זָאלֶען זִיךְ בֶּעהֶעפְטֶען צוּ
דֵיינֶע שׁוּפֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ
אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען פוּן דֶער מִיטֶען פוּן
דֵיינֶע שְׁטְרוֹימֶען, אוּנְד אַלֶע פִּישׁ פוּן
דֵיינֶע שְׁטְרוֹימֶען וֶועלֶען זִיךְ בֶּעהֶעפְטֶען
אַן דֵיינֶע שׁוּפֶּען׃
5 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ אַוֶועקְוַוארְפֶען
אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנְד אוֹיךְ אַלֶע פִּישׁ
פוּן דֵיינֶע שְׁטְרוֹימֶען, דוּא וֶועסְט פַאלֶען
אוֹיף דֶעם (אָפֶענֶעם) פֶעלְד, דוּא
וֶועסְט נִיט צוּזַאמֶענְגֶעבְּרַאכְט אוּנְד
נִיט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶוערֶען, גֵייעֶרְט
אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעגֶעבֶּען פַאר דִיא
חַיּוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד אוּנְד פַאר דִיא
פֶייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל צוּ עֶסֶען׃
6 אוּנְד אַלֶע בֶּעווֹאוֹינֶער פוּן מִצְרַיִם
וֶועלֶען וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה, וַוייל
זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַ רָאהְר פוּן
אוּנְטֶערְלֶעהְנוּנְג צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל׃
7 וֶוען זֵייא הָאבֶּען דִיךְ אָנְגֶענוּמֶען
מִיט זֵייעֶרֶע הַאנְד אַזוֹי בִּיזְט דוּא צוּ־
בְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט
זֵייא דִיא גַאנְצֶע אַקְסֶעל צוּשְׁפָּאלְטֶען,
אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיף דִיר
אָנְגֶעלֶעהְנְט אַזוֹי בִּיזְט דוּא (אוֹיךְ)
צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט
זֵייא דִיא גַאנְצֶע לֶענְדֶען גֶעמַאכְט
שְׁטֵייִן׃
8 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
זֶעה אִיךְ וֶועל קֶעגֶען דִיר בְּרֶענְגֶען אַ
שְׁוֶוערְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל פוּן דִיר
פֶערְטִילְגֶען מֶענְשֶׁען אוּנְד בְּהֵמוֹת׃
9 אוּנְד דָאס לַאנְד מִצְרַיִם וֶועט זֵיין
וִויסְט אוּנְד אַ חוּרְבָּן, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען
וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה, וַוייל עֶר
הָאט גֶעזָאגְט דֶער שְׁטְרוֹים אִיז מֵיין
אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעמַאכְט׃
10 דַארוּם זֶעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיר
אוּנְד קֶעגֶען דֵיין שְׁטְרוֹים, אוּנְד אִיךְ
וֶועל מַאכֶען דָאס לַאנְד מִצְרַיִם צוּ
חוּרְבוֹת, אַ חוּרְבָּן אוּנְד וִויסְטִיגְקֵייט,
פוּן דֶעם טוּרֶם סְוֵנֵה בִּיז צוּ דִיא
גְרֶענֶעץ פוּן כּוּשׁ׃
11 עֶס וֶועט נִיט אִיבֶּערְגֵייִן אִין
אִיהְר אַ פוּס פוּן אַ מֶענְשׁ, אוּנְד אַ
פוּס פוּן אַ בְּהֵמָה וֶועט אוֹיךְ נִיט אִין
אִיהְר אִיבֶּערְגֵייִן, אוּנְד עֶס וֶועט
נִיט בֶּעווֹאוֹינְט זֵיין פֶערְצִיג יָאהְר׃

12 אוּנְד אִיךְ װעל מַאכֶען דָאס לַאנְד
מִצְרַיִם װיסְט צְװִישֶׁען דִיא אַנְדֶערֶע
לֶענְדֶער װָאס זֶענֶען װיסְט, אוּנְד זַיירֶע
שְׁטֶעט װעלֶען זַיין װיסְט צְװִישֶׁען דִיא
אַנְדֶערֶע װיסְטֶע שְׁטֶעט װָאס זֶענֶען
(שׁוֹין) װיסְט פֶערְצִיג יָאהְר, אוּנְד אִיךְ
װעל דִיא מִצְרַיִם פֶערשְׁפְּרֵייטֶען צְװִישֶׁען
דִיא גוֹיִם אוּנְד צוּשְׁפְּרֵייטֶען אוּנְטֶער דִיא
לֶענְדֶער:
13 װָארִין, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
אִין דֶעם עֶנְד פוּן פֶערְצִיג יָאהְר װעל
אִיךְ דִיא מִצְרַיִם אֵיינְזַאמֶעלְן פוּן
צְװִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער אַהִין װוּ זַייא זֶענֶען
דָארְט אַהִין צוּשְׁפְּרֵייט גֶעװעזֶען:
14 אוּנְד אִיךְ װעל צוּרִיקבְּרֶענְגֶען דִיא
גֶעפַאנְגֶענֶע פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד אִיךְ װעל
זַייא צוּרִיקבְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם לַאנְד
פַּתְרוֹס, צוּ דֶעם לַאנְד פוּן זַייעֶר גֶע־
בּוּרְט, אוּנְד זַייא װעלֶען דָארְט זַיין אַ
נִידְרִיגֶעס קֶענִיגְרֵייךְ:
15 עֶס װעט זַיין דָאס נִידְרִיגְסְטֶע
קֶענִיגְרֵייךְ, אוּנְד עֶס װעט זִיךְ נִיט
מֶעהְר דֶערְהֵייבֶּען אִיבֶּער דִיא (אַנְדֶערֶע)
פֶעלְקֶער, װָארִין אִיךְ װעל זַייא מִינֶערְן
כְּדֵי זַייא זָאלֶען נִיט מֶעהְר גֶעװעלְטִיגֶען
אִיבֶּער דִיא (אַנְדֶערֶע) פֶעלְקֶער:
16 אוּנְד זַייא װעלֶען נִיט מֶעהְר זַיין
צוּ דֶעם הױזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל פַאר
אַ פֶערְזִיכֶערוּנְג, װָאס דֶערְמַאנְט זַיירֶע
זִינְד װען זַייא װעלֶען זִיךְ אוּמְקוּקֶען,
אוּנְד זַייא װעלֶען װיסֶען אַז אִיךְ בִּין
דֶער הַאר גָאט:
17 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװעזֶען אִין דֶעם
זִיבֶּען אוּנְד צְװַאנְצִיגְסְטֶען יָאהְר, אִין
דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען
חוֹדֶשׁ, אַזוֹי אִיז דָאס װָארְט פוּן גָאט
צוּ מִיר גֶעװעזֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
18 בֶּן־אָדָם, נְבוּכַדְרֶאצַר מֶלֶךְ פוּן
בָּבֶל הָאט גֶעמַאכְט זַיין חַיִל דִינֶען אַ
גְרױסֶען דִינְסְט קֶעגֶען צוֹר, אִיטְלִיכֶער
קָאפּ אִיז קָאהְל גֶעמַאכְט, אוּנְד פוּן
אִיטְלִיכֶע שׁוּלְטֶער אִיז דִיא הױט אָפּ־
גֶערִיבֶּען, אוּנְד דָאךְ הָאט עֶר נִיט
גֶעהַאט קֵיין שָׂכָר פַאר זִיךְ אוּנְד פַאר
זַיין חַיִל פוּן צֹר פַאר דֶעם דִינְסְט
װָאס עֶר הָאט דֶערפַאר גֶעדִינְט:
19 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
זֶעה, אִיךְ װעל גֶעבֶּען דָאס לַאנְד
מִצְרַיִם צוּ נְבוּכַדְרֶאצַר מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל,
אוּנְד עֶר װעט אַװעקטְרָאגֶען אִיהְר
פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד עֶר װעט רױבֶּען
אִיהְר רױבּ, אוּנְד פְּלִינְדֶערְן דֶעם זַאק־
רױבּ, אוּנְד דָאס װעט זַיין דֶער שָׂכָר
פַאר זַיין חַיִל:
20 אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען דָאס
לַאנְד מִצְרַיִם פַאר זַיינֶע אַרְבֵּייט װָאס
עֶר הָאט דַארִין גֶעאַרְבֵּייט, װייל זַייא
הָאבֶּען עֶס פַאר מִיר גֶעטְהוּן, זָאגְט
דֶער הַאר גָאט:
21 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג װעל אִיךְ
מַאכֶען שְׁפְּרָאצֶען אַ הָארְן צוּ דֶעם
הױזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד צוּ דִיר
װעל אִיךְ גֶעבֶּען אֵיין אָפֶענֶעם מױל
צְװִישֶׁען זַייא, אוּנְד זַייא װעלֶען װיסֶען
אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה:

## קאפיטעל ל

1 אוּנְד דָאס װָארְט פוּן גָאט אִיז צוּ
מִיר גֶעװעזֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 בֶּן־אָדָם, זָאג נְבִיאוּת, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
גָאט, קְלָאגְט, אוֹי װייא צוּ דֶעם
טָאג!
3 װָארִין דֶער טָאג אִיז נָאהֶענְט,
יוֹא, דֶער טָאג פוּן גָאט אִיז נָאהֶענְט,

עֶס אִיז אַ װָאלְקֶענְדִיגֶער טָאג, עֶס
װֶעט זַיין דִיא צַייט פוּן דִיא גוֹיִם׃
4 אוּנְד דָאס שְׁװֶערְד װֶעט קוּמֶען
אִיבֶּער מִצְרַיִם, אוּנְד עֶס װֶעט זַיין אַ
(גְרוֹיסֶע) שְׁרֶעקֶענִיס אִין כּוּשׁ, װֶען
דִיא דֶערשְׁלָאגֶענֶע װֶעלֶען פַאלֶען אִין
מִצְרַיִם, אוּנְד זַייא װֶעלֶען אַװֶעקְנֶעמֶען
זַייעֶר מַאסֶע פָאלְק, אוּנְד אָפּבְּרֶעכֶען
זַייעֶרע גְרוּנְדפֶעסְטֶען׃
5 כּוּשׁ אוּנְד פּוּט, אוּנְד לוּד אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע פֶערְמִישְׁטֶע פָאלְק, אוּנְד
כּוּב אוּנְד דִיא לֵייט פוּן דֶעם לַאנְד
װָאס הָאבֶּען כּוֹרֵת בְּרִית גֶעװֶעזֶען,
זָאלֶען מִיט זַייא פַאלֶען דוּרְך דֶעם
שְׁװֶערְד׃
6 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, אוֹיךְ דִיא
אוּנְטֶערְלֶעהְנֶערְס פוּן מִצְרַיִם װֶעלֶען
פַאלֶען, אוּנְד דִיא שְׁטָאלְצְהַייט פוּן
אִיהְרֶע שְׁטַארְקְהַייט װֶעט אַרוּנְטֶער
נִידֶערְן, פוּן דֶעם טוּרֶעם סְוֵנֵה װֶעלֶען
זַייא דַארִין פַאלֶען דוּרְך דֶעם שְׁװֶערְד,
זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃
7 אוּנְד זַייא װֶעלֶען זַיין װִיסְט צְװִישֶׁען
דִיא װִיסְטֶע לֶענְדֶער, אוּנְד אִיהְרֶע
שְׁטֶעט װֶעלֶען זַיין װִיסְט צְװִישֶׁען
אִיהְרֶע שְׁטֶעט׃
8 אוּנְד זַייא װֶעלֶען װִיסֶען אַז אִיךְ
בִּין דֶער הַאר װֶען אִיךְ װֶעל (מַאכֶען)
גֶעבֶּען אַ פֵייעֶר אִין מִצְרַיִם, אוּנְד װֶען
אַלֶע אִיהְרֶע הֶעלְפֶערְס װֶעלֶען צוּ־
בְּרָאכֶען װֶערֶען׃
9 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג װֶעלֶען
שְׁלוּחִים אַרוֹיסְגֵיין פוּן פַאר מִיר אִין
שִׁיפֶען אוּנְד זַייא װֶעלֶען דֶערשְׁרֶעקֶען
כּוּשׁ װָאס אִיז אִין זִיכֶערְהַייט, אוּנְד אַ
גְרוֹיסֶע װֵייטָאג װֶעט אִיבֶּער זַייא קוּמֶען
אַזוֹי װִיא אִין דֶעם טָאג פוּן מִצְרַיִם,
װָארִין, זֶעה, עֶס קוּמְט׃
10 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִיךְ
װֶעל אוֹיךְ מַאכֶען אוֹיפְהֶערֶען דִיא
מַאסֶע פוּן (דֶעם פָאלְק) מִצְרַיִם דוּרְך
דִיא הַאנְד פוּן נְבוּכַדְרֶאצַר מֶלֶךְ פוּן
בָּבֶל׃
11 עֶר אוּנְד זַיין פָאלְק מִיט אִיהְם,
דִיא שְׁרֶעקְלִיכְסְטֶע פוּן דִיא פֶעלְקֶער
װֶעלֶען אַהִינְגֶעבְּרַאכְט װֶערֶען כְּדֵי
דָאס לַאנְד צוּ פֶערְדַארְבֶּען, אוּנְד זַייא
װֶעלֶען אַרוֹיסְצִיהֶען זַייעֶרע שְׁװֶערְדֶען
פוּן זַייעֶרע שֵׁיידֶען אִיבֶּער מִצְרַיִם, אוּנְד
זַייא װֶעלֶען דָאס לַאנְד פוּל מַאכֶען
מִיט דֶערשְׁלָאגֶענֶע׃
12 אוּנְד אִיךְ װֶעל אוֹיסטְרוּקֶענֶען
דִיא טַייכֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל דָאס
לַאנְד פֶערְקוֹיפֶען (אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערְן) אִין
דִיא שְׁלֶעכְטֶע הֶענְד, אוּנְד אִיךְ װֶעל
דָאס לַאנְד אוּנְד זַיינֶע פוּלְהַייט פֶערְ־
װִיסְטֶען דוּרְך פְרֶעמְדֶע, אִיךְ יְהוָֹה
הָאבּ עֶס גֶערֶעט׃
13 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִיךְ
װֶעל אוֹיךְ פֶערְטִילְגֶען דִיא גֶעצֶען,
אוּנְד װֶעל מַאכֶען אוֹיפְהֶערֶען דִיא
אָפְּגֶעטֶער פוּן נוֹף, אוּנְד עֶס װֶעט נִיט
מֶעהְר זַיין קֵיין נָשִׂיא פוּן דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם, אוּנְד אִיךְ װֶעל גֶעבֶּען אַ
פוּרְכְט אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם׃
14 אוּנְד אִיךְ װֶעל פֶערְװִיסְטֶען פַּתְרוֹס,
אוּנְד אִיךְ װֶעל גֶעבֶּען אַ פֵייעֶר אִין
צוֹעַן, אוּנְד אִיךְ װֶעל טְהוּן מִשְׁפָּטִים
אִין נוֹא׃
15 אוּנְד אִיךְ װֶעל אוֹיסְגִיסֶען מֵיין
גְרִימְצָארְן אִיבֶּער סִין, װָאס אִיז דִיא
שְׁטַארְקְהַייט פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד אִיךְ
װֶעל אוֹיךְ פֶערְטִילְגֶען דִיא מַאסֶע
פָאלְק פוּן נוֹא׃

16 אוּנְד אִיךְ װֶעל גֶעבֶּען אַ פֵֿייעֶר
אִין מִצְרַיִם, אוּנְד סִין װֶעט שְׁטַארְק
צִיטֶערְן, אוּנְד נוֹא װֶעט צוּשְׁפַּאלְטֶען
װֶערֶען, אוּנְד אִיבֶּער נוֹף װֶעלֶען דִיא
פֵֿיינְד קוּמֶען טָאג בַּייא טָאג ׃

17 דִיא יוּנְגֶע לֵייט פוּן אָוֶן אוּנְד
פִּי־בֶסֶת װֶעלֶען פַאלֶען דוּרְךְ
דֶעם שְׁװֶערְד, אוּנְד דִיזֶע (שְׁטֶעט)
װֶעלֶען גֵיין אִין גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט ׃

18 אוּנְד אוֹיךְ אִין תַּחְפַּנְחֵס װֶעט
דֶער טָאג פִינְסְטֶער װֶערֶען װֶען אִיךְ
װֶעל דָארְט צוּבְּרֶעכֶען דֶעם שְׁטֶעקֶען
פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד װֶען דִיא שְׁטָאלְצְהֵייט
פוּן אִיהְרֶע שְׁטַארְקְהֵייט װֶעט אוֹיפְ־
הֶערֶען, אֵיין װָאלְקֶען װֶעט זִיא בֶּע־
דֶעקֶען, אוּנְד אִיהְרֶע טֶעכְטֶער װֶעלֶען
גֵיין אִין גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט ׃

19 אוּנְד אִיךְ װֶעל טְהוּן מִשְׁפָּטִים
אַן מִצְרַיִם, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען װִיסֶען
אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה ׃

20 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אִין דֶעם
עֶלְפְטֶען יָאהְר, אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען
טָאג פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען חוֹדֶשׁ, אַזוֹי
אִיז דָאס װָארְט פוּן גָאט צוּ מִיר
גֶעװֶעזֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען ׃

21 בֶּן־אָדָם, אִיךְ הָאבּ צוּבְּרָאכֶען
דֶעם אָרֶעם פוּן פַּרְעֹה מֶלֶךְ פוּן
מִצְרַיִם, אוּנְד זֶעה עֶר זָאל נִיט פֶערְ־
בּוּנְדֶען װֶערֶען כְּדֵי אִיהְם אוֹיסְצוּהֵיילֶען,
מֶען זָאל אִיהְם (נִיט) אֵיינְװִיקֶעלְן
אָדֶער פֶערְבִּינְדֶען אוּנְד שְׁטַארְק מַאכֶען
כְּדֵי עֶר זָאל קֶענֶען אָנְנֶעמֶען אֵיין
שְׁװֶערְד ׃

22 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
גָאט, זֶעה אִיךְ בִּין קֶעגֶען פַּרְעֹה
מֶלֶךְ פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד אִיךְ װֶעל צוּ־
בְּרֶעכֶען זֵיינֶע אָרֶעמְס, דֶעם שְׁטַארְקֶען
אוּנְד דֶעם צוּבְּרָאכֶענֶעם, אוּנְד אִיךְ
װֶעל מַאכֶען אַז דָאס שְׁװֶערְד זָאל
פַאלֶען פוּן זֵיינֶע הַאנְד ׃

23 אוּנְד אִיךְ װֶעל צוּשְׁטְרֵייעֶן מִצְרַיִם
צְװִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד אִיךְ װֶעל
זֵייא פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען אִין דִיא לֶענְדֶער ׃

24 אוּנְד אִיךְ װֶעל שְׁטַארְקֶען דִיא
אָרֶעמְס פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל, אוּנְד
אִיךְ װֶעל גֶעבֶּען מֵיין שְׁװֶערְד אִין זֵיינֶע
הַאנְד, אָבֶּער דִיא אָרֶעמְס פוּן פַּרְעֹה
װֶעל אִיךְ צוּבְּרֶעכֶען, אוּנְד עֶר װֶעט
פַאר אִיהְם שְׁרֵייעֶן מִיט אַ גֶעשְׁרֵייא
פוּן דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע ׃

25 אוּנְד אִיךְ װֶעל שְׁטַארְקֶען דִיא
אָרֶעמְס פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל, אָבֶּער
דִיא אָרֶעמְס פוּן פַּרְעֹה זָאלֶען אַרוּפְּ־
פַאלֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען װִיסֶען אַז
אִיךְ בִּין יְהוָֹה, װֶען אִיךְ װֶעל גֶעבֶּען
מֵיין שְׁװֶערְד אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם
מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל, אוּנְד עֶר װֶעט זִיא
אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען קֶעגֶען דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם ׃

26 אוּנְד אִיךְ װֶעל מִצְרַיִם צוּשְׁפְּרֵייטֶען
צְװִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער. אוּנְד װֶעל זֵייא
צוּשְׁטְרֵייעֶן אִין דִיא לֶענְדֶער, אוּנְד
זֵייא װֶעלֶען װִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה ׃

קאפיטעל לא

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אִין דֶעם
עֶלְפְטֶען יָאהְר, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג
פוּן דֶעם דְרִיטֶען חוֹדֶשׁ אִיז דָאס
װָארְט פוּן גָאט צוּ מִיר גֶעװֶעזֶען, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען ׃

2 בֶּן־אָדָם, זָאג צוּ פַּרְעֹה מֶלֶךְ פוּן
מִצְרַיִם אוּנְד צוּ דֶער מַאסֶע פוּן זֵיין
פָאלְק, צוּ װֶעמֶען הָאסְט דוּא דִיךְ
גֶעגְלִיכֶען אַז דוּא הָאסְט דִיךְ גְרוֹיס
גֶעמַאכְט ?

3 זָעה, אַשור אִיז גֶעוֶועזֶען אַ טֶענֶענ־
בוים אִין לְבָנוֹן, מִיט שֵׁיינֶע צְווַייגֶען
ווִיא אַ שָׁאטֶענְדִיגֶער וַואלְד אוּנְד זֶעהְר
הויךְ גֶעוַואקְסֶען, אוּנְד זַיינֶע שְׁפִּיץ אִיז
גֶעוֶועזֶען צְווִישֶׁען דִיא דִיקֶע הֶעכְסְטֶע
צְווַייגֶען:
4 וָוארִין דִיא וַואסֶערְן הָאבֶּען אִיהם
גְרויס גֶעמַאכְט, אוּנְד דֶער תְּהוֹם הָאט
אִיהְם דֶערְהֵייבְט, אִיהְרֶע טֵייכֶען זֶענֶען
אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אוּם זַיינֶע פְּלַאנְצֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אויסְגֶעשִׁיקְט אִיהְרֶע
קְלֵיינֶע טֵייכֶעלֶעךְ צוּ אַלֶע בֵּיימֶער פוּן
דֶעם פֶעלְד׳
5 דַארִיבֶּער אִיז זַיינֶע הֵייך הֶעכֶער
גֶעוֶועזֶען פוּן אַלֶע בֵּיימֶער פוּן דֶעם
פֶעלְד, אוּנְד זַיינֶע צְווַייגֶען הָאבֶּען זִיךְ
גֶעמֶעהְרְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
דֶערְלֶענְגֶערְט וֶועגֶען דִיא פִילֶע וַואסֶערְן
וָואס עֶר הָאט אויסְגֶעשִׁיקְט:
6 אִין זַיינֶע צְווַייגֶען הָאבֶּען אַלֶערְלֵייא
פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל גֶעמַאכְט זֵייעֶרֶע
נֶעסְטֶער, אוּנְד אוּנְטֶער זַיינֶע צְווַייגֶען
הָאבֶּען אַלֶערְלֵייא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד
גֶעבּוֹירֶען (זֵייעֶרֶע יוּנְגֶען) אוּנְד אִין זַיין
שָׁאטֶען הָאבֶּען אַלֶערְלֵייא פֶעלְקֶער
גֶעוְואוֹינְט:
7 אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען שֵׁיין אִין
זַיינֶע גְרויסְקֵייט וֶועגֶען זַיינֶע לַאנְגֶע
צְווַייגֶען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
גֶעוָוארְצֶעלְט בֵּייא פִילֶע וַואסֶערְן:
8 אַנְדֶערֶע טֶענֶענְבֵּיימֶער הָאבֶּען
אִיהְם נִיט גֶעטוּנְקֶעלְט אִין דֶעם גָארְטֶען
פוּן גָאט, בּוּקְסֶענְבֵּיימֶער זֶענֶען נִיט
גְלֵייךְ גֶעוֶועזֶען צוּ זַיינֶע צְווַייגֶען אוּנְד
דִיא קֶעסְטֶענְבֵּיימֶער זֶענֶען נִיט גֶעוֶועזֶען
אַזוֹי שֵׁיין ווִיא זַיינֶע צְווַייגֶען, אִין דֶעם
גַאנְצֶען גָארְטֶען פוּן גָאט אִיז קֵיינֶער
נִיט גֶעגְלִיכֶען גֶעוֶועזֶען צוּ זַיינֶע
שֵׁיינְקֵייט:
9 אִיךְ הָאבּ אִיהְם שֵׁיין גֶעמַאכְט
דוּרְךְ זַיינֶע פִילֶע צְווַייגֶען, אַזוֹי דָאס
אַלֶע בֵּיימֶער אִין דֶעם גָארְטֶען פוּן
גָאט הָאבֶּען אִיהְם מְקַנֵא גֶעוֶועזֶען:
10 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
ווייל דוּא הָאסְט דִיךְ דֶערְהויבֶּען וֶועגֶען
דֵיינֶע הֵייךְ, אוּנְד עֶר הָאט זַיינֶע
שְׁפִּיץ גֶעגֶעבֶּען צְווִישֶׁען דִיא דִיקֶע
צְווַייגֶען, אוּנְד עֶר הָאט דֶערְהויבֶּען
זַיין הַארְץ וֶועגֶען זַיינֶע שְׁטָאלְצְהֵייט:
11 דַארוּם הָאבּ אִיךְ אִיהְם אִיבֶּערְ־
גֶעעֶנְטְפֶערְט אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם
מֶעכְטִיגְסְטֶען פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד עֶר
וֶועט עֶס צוּ אִיהְם גֶעווִיס טְהוּן, נָאךְ
זַיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט הָאבּ אִיךְ אִיהְם
פֶערְטְרִיבֶּען:
12 אוּנְד פְרֶעמְדֶע שְׁטַארְקֶע פֶעלְקֶער
הָאבֶּען אִיהְם פֶערְשְׁנִיטֶען, אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם פֶערְלָאזֶען, אויף דִיא בֶּערְג אוּנְד
אויף אִיטְלִיכֶען טְהָאל זֶענֶען זַיינֶע
צְווַייגֶען גֶעפַאלֶען, אוּנְד זַיינֶע צְווַייגֶען
זֶענֶען צֶערְבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען בֵּייא אַלֶע
טֵייכֶען פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד פוּן זַיין
שָׁאטֶען זֶענֶען אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן דֶעם
לַאנְד אַרוּפְּגֶענִידֶערְט אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
פֶערְלָאזֶען:
13 אויף זַיינֶע גֶעפַאלֶענֶע וֶועלֶען
אַלֶערְלֵייא פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל
רוּהֶען, אוּנְד בֵּייא זַיינֶע צְווַייגֶען זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אַלֶערְלֵייא חַיוֹת פוּן דֶעם
פֶעלְד:
14 כְּדֵי עֶס זָאלֶען נִיט דֶערְהויבֶּען
וֶוערֶען פוּן זֵייעֶר אָרְט קֵיינֶע בֵּיימֶער
בֵּייא דֶעם וַואסֶער, אוּנְד אַז זֵייא זָאלֶען
נִיט גֶעבֶּען זֵייעֶרֶע שְׁפִּיצֶע צְווַייגֶען

צְווִישֶׁען דִיא דִיקֶע צְווייגֶען, אוּנְד אַז
קֵיין בּוֹים וָואס אִיז בַּייא דֶעם וַואסֶער
זָאל נִיט בֶּעשְׁטֵיין בַּייא זֵייא וֶועגֶען
זֵיירֶע הֵייךְ, וָוארִין אַלֶע זֶענֶען אַהִינְ־
גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם טוֹיט אִין דֶעם
אוּנְטֶערשְׁטֶען לַאנְד צְווִישֶׁען דִיא בְּנֵי
אָדָם וָואס גֵייעֶן אַרוּפּ אִין דִיא גְרוּבּ׃
15 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
אִין דֶעם טָאג וֶוען עֶר אִיז אַרוּפּ־
גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם שְׁאוֹל הָאבּ אִיךְ
גֶעמַאכְט אַ טְרוֹיעֶר, אִיךְ הָאבּ פוּן
זַיינֶעטְוֶועגֶען בֶּעדֶעקְט דֶעם תְּהוֹם,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ פֶערְמִיטָען זַיינֶע טַייכֶען,
אוּנְד אֵיינְגֶעהַאלְטֶען דִיא גְרוֹיסֶע
וַואסֶערְן, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַיינֶעטְוֶועגֶען
שְׁוַוארְץ גֶעמַאכְט דֶעם לְבָנוֹן, אוּנְד
אַלֶע בֵּיימֶער פוּן דֶעם פֶעלְד זֶענֶען
זַיינֶעטְוֶועגֶען פֶערשְׁמַאכְט גֶעוָוארֶען׃
16 פוּן דֶעם קוֹל פוּן זַיינֶע מַפָּלָה
הָאבּ אִיךְ גֶעמַאכְט אַלֶע פֶעלְקֶער
דֶערשְׁרֶעקֶען, וֶוען אִיךְ הָאבּ אִיהְם
אַרוּנְטֶער גֶעבְּרַאכְט אִין דֶעם שְׁאוֹל
מִיט דִיא וָואס נִידֶערְן אַרוּפּ אִין דִיא
גְרוּבּ, אוּנְד אִין דֶעם אוּנְטֶערשְׁטֶען
לַאנְד (אִין גֵיהִנָם) הָאבֶּען זִיךְ גֶעטְרֵייסְט
אַלֶע בֵּיימֶער פוּן עֵדֶן, דִיא בֶּעסְטֶע
אוּנְד גוּטֶע פוּן לְבָנוֹן, אַלֶע וָואס
טְרִינְקֶען וַואסֶער׃
17 זֵייא זֶענֶען אוֹיךְ מִיט אִיהְם
אַרוּנְטֶער גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם שְׁאוֹל
מִיט דִיא אַנְדֶערֶע דֶערשְׁלָאגֶענֶע פוּן
דֶעם שְׁוֶוערְד, יוֹא, אוֹיךְ דִיא וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זַיין (שְׁטַארְקֶער) אָרֶעם,
וָואס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִין זַיין שָׁאטֶען
צְווִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער׃
18 צוּ וֶועמֶען בִּיזְט דוּא דֶען אַזוֹי
גֶעגְלִיכֶען אִין כָּבוֹד אוּנְד גְרוֹיסְקֵייט
אוּנְטֶער דִיא בֵּיימֶער פוּן עֵדֶן? וָוארִין
דוּא וֶועסְט אַרוּנְטֶערְגֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען
מִיט דִיא בֵּיימֶער פוּן עֵדֶן צוּ דֶעם
אוּנְטֶערשְׁטֶען לַאנְד (אִין גֵיהִנָם), דוּא
וֶועסְט לִיגֶען צְווִישֶׁען דִיא עֲרֵלִים גְלֵייךְ
מִיט דִיא דֶערשְׁלָאגֶענֶע פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד,
דָאס אִיז פַּרְעֹה אוּנְד זַיין גַאנְצֶעס
פָאלְק, זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃

## קאפּיטעל לב

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
צְוֶועלְפְטֶען יָאהְר, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען
טָאג פוּן דֶעם צְוֶועלְפְטֶען חוֹדֶשׁ, אִיז
דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר גֶעוֶועזֶען צוּ
מִיר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
2 בֶּן־אָדָם, הֵייבּ אוֹיף אַ קְלָאג
אִיבֶּער פַּרְעֹה מֶלֶךְ פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהְם זָאגֶען, דוּא בִּיזְט
גֶעגְלִיכֶען צוּ אַ יוּנְגֶען לֵייבּ צְווִישֶׁען
דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד דוּא בִּיזְט אוֹיךְ
ווִיא אַ גְרוֹיסֶער פִישׁ אִין דִיא יַמִּים,
אוּנְד דוּא הָאסְט דִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט
אִין דֵיינֶע טַייכֶען, אוּנְד דוּא צוּמִישְׁסְט
דִיא וַואסֶערְן מִיט דֵיינֶע פִּיס, אוּנְד
דוּא מַאכְסְט זֵיירֶע טַייכֶען שְׁמוּצִיג׃
3 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דַארוּם
וֶועל אִיךְ קֶענֶען דִיר אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען
מַיין נֶעץ צְווִישֶׁען דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן
פִילֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דִיךְ
אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען אִין מַיין נֶעץ׃
4 אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶועל אִיךְ דִיךְ לָאזֶען
אִין דֶעם לַאנְד, אוֹיף דֶעם פֶעלְד וֶועל
אִיךְ דִיךְ וַוארְפֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
מַאכֶען אַז אַלֶערְלֵייא פֵייגֶעל זָאלֶען
אוֹיף דִיר רוּהֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל פוּן
דִיר זַאט מַאכֶען דִיא חַיּוֹת פוּן דֶעם
גַאנְצֶען לַאנְד׃
5 אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען (לֵייגֶען) דַיין

פְלֵייש אויף דיא בֶּערג, אוּנְד אִיךְ וָועל
אָנְפִילֶען דיא טָאלֶען מִיט דֵיינֶע הֵייךְ׃
6 אוּנְד אִיךְ וָועל מַאכֶען אָנְטְרִינְקֶען
דָאס לַאנְד אִין וֶועלְכֶעס דוּא שְׁווִימְסְט
מִיט דֵיין בְּלוּט, בִּיז צוּ דיא בֶּערְג,
אוּנְד דיא טֵייכֶען וֶועלֶען פוּן דִיר
דֶערְפִילְט וֶוערֶען׃
7 אוּנְד וֶוען אִיךְ וָועל דִיךְ הָאבֶּען
פֶערְלָאשֶׁען אַזוֹי וָועל אִיךְ דיא הִימֶעלְן
בֶּעדֶעקֶען, אוּנְד אִיךְ וָועל זֵיירֶע
שְׁטֶערֶענְס טוּנְקֶעל מַאכֶען, אוּנְד דיא
זוּן וָועל אִיךְ בֶּעדֶעקֶען מִיט דֶעם
וָואלְקֶען, אוּנְד דיא לְבָנָה וֶועט נִיט
לָאזֶען לֵייכְטֶען אִיהְר לִיכְט׃
8 אַלֶע לִיכְטֶער וָואס לֵייכְטֶען אִין
דֶעם הִימֶעל וָועל אִיךְ אִיבֶּער דִיר
טוּנְקֶעל מַאכֶען, אוּנְד אִיךְ וָועל גֶעבֶּען
פִינְסְטֶערְנִיס אִיבֶּער דֵיין לַאנְד, זָאגְט
דֶער הַאר גָאט׃
9 אוּנְד אִיךְ וָועל מַאכֶען צִיטֶערְן
דָאס הַארְץ פוּן פִילֶע פֶעלְקֶער, וֶוען
אִיךְ וָועל בְּרֶענְגֶען דֵיין בְּרָאךְ צְווִישֶׁען
דיא פֶעלְקֶער אִיבֶּער דיא לֶענְדֶער
וָואס זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט׃
10 אוּנְד אִיךְ וָועל אִיבֶּער דִיר פִילֶע
פֶעלְקֶער פֶערְווִאוּנְדֶערְן, אוּנְד זֵיירֶע
מְלָכִים וֶועלֶען אִיבֶּער דִיר שְׁרֶעקְלִיךְ
מוֹרָא הָאבֶּען, וֶוען אִיךְ וָועל מַאכֶען
מַיין שְׁוֶוערְד שְׁוֶועבֶּען פַאר זֵיירֶע
פְּנֶעמֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען צִיטֶערְן
יֶעדֶע רֶגַע אִיטְלִיכֶער פַאר זֵיין לֶעבֶּען
אִין דֶעם טָאג פוּן דֵיינֶע מַפָּלָה׃
11 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
דָאס שְׁוֶוערְד פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל
וֶועט אִיבֶּער דִיר אָנְקוּמֶען׃
12 דוּרְךְ דיא שְׁוֶוערְד פוּן דיא גִבּוֹרִים
וָועל אִיךְ מַאכֶען פַאלֶען דֵיינֶע מַאסֶע
(פָאלְק), דיא שְׁטַארְקֶע פוּן דיא פֶעלְ־
קֶער, זֵייא אַלֶע, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
בֶּערוֹיבֶּען דיא גְרוֹיסְקֵייט פוּן מִצְרַיִם,
אוּנְד אִיהְרֶע גַאנְצֶע מַאסֶע וֶועט פֶערְ־
טִילְגְט וֶוערֶען׃
13 אוּנְד אִיךְ וָועל פֶערְטִילְגֶען אַלֶע
אִידְרֶע בְּהֵמוֹת פוּן דיא פִילֶע וַואסֶערְן,
אַזוֹי אַז דֶער פוּס פוּן מֶענְשֶׁען זָאלֶען עֶס
נִיט צוּמִישֶׁען, אוּנְד דיא קְלוֹיעֶן פוּן דיא
בְּהֵמוֹת וֶועלֶען עֶס אוֹיךְ נִיט צוּמִישֶׁען׃
14 דֶענְסְטְמָאל וָועל אִיךְ מַאכֶען זֵיירֶע
וַואסֶערְן טִיף, אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען
אַז זֵיירֶע טֵייכֶען וֶועלֶען גֵיין אַזוֹי וִויא
אֵייל, זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃
15 וֶוען אִיךְ וָועל מַאכֶען דָאס לַאנְד
מִצְרַיִם אַ פֶערְווִיסְטוּנְג, אוּנְד דָאס
לַאנְד וֶועט זֵיין ווִיסְט פוּן זֵיינֶע פוּלְהֵייט,
וֶוען אִיךְ וֶועל שְׁלָאגֶען אִין אִיהְר אַלֶע
אֵיינְווָאוֹינֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען ווִיסֶען
אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה׃
16 דָאס אִיז אַ קְלָאג מִיט וָואס מֶען
וֶועט זִיא בֶּעקְלָאגֶען, דיא טֶעכְטֶער
פוּן דיא גוֹיִם וֶועלֶען זִיא בֶּעקְלָאגֶען,
וֶועגֶען מִצְרַיִם אוּנְד וֶועגֶען אִיהְרֶע
גַאנְצֶע מַאסֶע פָאלְק זָאלֶען זֵייא פַאר
אִיהְר קְלָאגֶען, זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃
17 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
צְוֶועלְפְטֶען יָאהְר, אִין דֶעם פוּפְצֶענְטֶען
טָאג פוּן דֶעם (צְוֶועלְפְטֶען) חוֹדֶשׁ,
אַזוֹי אִיז דָאס וָוארְט פוּן גָאט צוּ מִיר
גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
18 בֶּן־אָדָם, וֵויין אִיבֶּער דיא מַאסֶע
(פָאלְק) פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד בְּרֶענְג זִיא
אַרוּנְטֶער, אוּנְד דיא טֶעכְטֶער פוּן דיא
שְׁטַארְקֶע פֶעלְקֶער צוּ דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען
לַאנְד, מִיט דיא וָואס גֵייעֶן אַרוּפּ אִין
דיא גְרוּב אַרַיין׃

19 פוּן װעמען בּיזט דוּא דען לִיבּ־
לִיכער? גייא אַרוּפּ אוּנד לייג דיך
מיט דיא עֲרֵלִים!
20 זייא װעלען פַאלען צְוִוישען דיא
דערשְׁלָאגענע מיט דעם שְׁװערד, זיא
איז איבּערגעענטפֶערט צוּ דעם שְׁװערד,
ציהט זיא אוּנד איהרע גאנצע מאסע
(פָאלק):
21 דיא שְׁטַארקע צְוִוישען דיא
שְׁטַארקְסְטֶע װעלען צוּ איהם רעדען
אוּיס דער מיטען פוּן שְׁאוֹל (גֵיהִנָם)
אוּיף זיינע העלפֶער, זייא האבּען
אַרוּפּגענידערט, דיא עֲרֵלִים ליגען
דערשְׁלאגען מיט דעם שְׁװערד:
22 אַשּׁוּר איז דָארט אוּנד איהרע
גאנצע פֶערזאמלוּנג רינגס אַרוּם זענען
זיינע קְבָרִים, זייא זענען אַלע דער־
שְׁלאגען געפַאלען דוּרך דעם שְׁװערד:
23 זיירע קְבָרִים זענען אַן דער זייט
פוּן דער גְרוּבּ, אוּנד איהרע פֶער־
זאמעלטע זענען רינגס אַרוּם בּייא
איהר קֶבֶר אַלע זענען דערשְׁלאגענע,
געפַאלען דוּרך דעם שְׁװערד, װאס
זייא האבּען געגעבּען אַ שְׁרעק אין
דעם לַאנד פוּן דיא לעבּעדיגע:
24 דָארט איז עֵילָם אוּנד איהרע
גאנצע מאסע פָאלק, רינגס אַרוּם בּייא
איהר קֶבֶר, אַלע דערשְׁלאגענע זענען
געפַאלען דוּרך דעם שְׁװערד, װאס
זענען אַרוּפּגענאנגען מיט דיא עֲרֵלִים
צוּ דעם אוּנטערשְׁטען לַאנד (אין
גֵיהִנָם) װאס זייא האבּען געגעבּען
זייער שְׁרעק אין דעם לַאנד פוּן דיא
לעבּעדיגע, אוּנד זייא האבּען געטראגען
זיירע שַׁאנד מיט דיא װאס גייען
אַרוּפּ אין דיא גְרוּבּ:
25 צְוִוישען דיא דערשְׁלאגענע האט
מען צוּ איהר געמאכט איהר געלעגער
אוּנטער דיא מאסע פָאלק, רינגס
אַרוּם זענען איהרע קְבָרִים, אַלע זענען
עֲרֵלִים דערשְׁלאגען דוּרך דעם שְׁװערד,
װייל זייא האבּען געגעבּען זייער שְׁרעק
אין דעם לַאנד פוּן דיא לעבּעדיגע,
דארוּם טראגען זייא זיירע שַׁאנד מיט
דיא װאס נידערן אַרוּפּ אין דיא
גְרוּבּ, מען האט איהם אהינגעגעבּען
צְוִוישען דיא דערשְׁלאגענע:
26 דָארט איז מֶשֶׁךְ אוּנד תּוּבַל, אוּנד
איהרע מאסע (פָאלק) רינגס אַרוּם בּייא
איהר קֶבֶר, זייא זענען אַלע עֲרֵלִים, דער־
שְׁלאגענע דוּרך דעם שְׁװערט, װארין
זייא האבּען געגעבּען זייער שְׁרעק אין
דעם לַאנד פוּן דיא לעבּעדיגע:
27 אוּנד זייא זאלען ניט ליגען בּייא
דיא שְׁטַארקע װאס זענען געפאלען
פוּן דיא עֲרֵלִים, װאס זענען אַרוּיפּגע־
גאנגען צוּ דעם שְׁאוֹל מיט זיירע
כְּלֵי־מִלְחָמָה, אוּנד מען האט געטהוּן
זיירע שְׁװערדען אוּנטער זיירע קעפּ,
אָבּער זיירע זינד זאל זיין אוּיף זייא
זעלבּסט, װארין דיא גִבּוֹרִים האבּען
געמאכט אַ שְׁרעק אין דעם לַאנד פוּן
דיא לעבּעדיגע:
28 אָבּער דוּא װעסט צְוִוישען דיא
עֲרֵלִים צוּבּראכען װערען, אוּנד דוּא
װעסט דיך לייגען צְוִוישען דיא דער־
שְׁלאגענע דוּרך דעם שְׁװערד:
29 דָארט איז אֱדוֹם, איהרע מְלָכִים
אוּנד אַלע איהרע נְשִׂיאִים, װאס זענען
איבּערגעגעבּען געװארען װעגען איהרע
שְׁטַארקייט מיט דיא װאס זענען דער־
שְׁלאגען דוּרך דעם שְׁװערד, זייא ליגען
מיט דיא עֲרֵלִים אוּנד מיט דיא װאס
נידערן אַראפּ אין דיא גְרוּבּ:

30 דָארְטְען זֶענֶען אַלֶע הַארֶען פוּן
צָפוּן, אוּנְד אַלֶע צִידוֹנִים וָואס זֶענֶען
אַרוּפְּגֶענִידֶערְט מִיט דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע,
מִיט זֵייעֶר דֶערְשְׁרֶעקֶענִים זֶענֶען זֵייא
פֶערְשֶׁעמְט וֶועגֶען זֵייעֶרֶע שְׁטַארְקַייט,
אוּנְד דִיא עֲרֵלִים לִיגֶען מִיט דִיא
דֶערְשְׁלָאגֶענֶע דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד,
אוּנְד זֵייא טְרָאגֶען זֵייעֶרֶע שַׁאנְד מִיט
דִיא וָואס גֵייעֶן אַרוּפּ אִין דִיא גְרוּב:
31 פַּרְעוֹה זָאל זֵייא זֶעהֶען, אוּנְד עֶר
וֶועט זִיךְ טְרֵייסְטֶען וֶועגֶען זֵיינֶער
גַאנְצֶען מַאסֶע פָּאלְק, פַּרְעוֹה אוּנְד
דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד,
אוּנְד זַיין גַאנְצֶעס חַיִל, זָאגְט דֶער
הַאר גָאט:
23 וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען מֵיין
שְׁרֶעקֶען אִין דֶעם לַאנְד פוּן דִיא
לֶעבֶּעדִיגֶע, אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ לֵייגֶען
צְווִישֶׁען דִיא עֲרֵלִים מִיט דִיא דֶערְ־
שְׁלָאגֶענֶע דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, פַּרְעוֹה
אוּנְד זֵיינֶע גַאנְצֶע מַאסֶע פָּאלְק,
זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

## קאפיטעל לג

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ
מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 בֶּן־אָדָם, רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן
דַיין פָּאלְק, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא
זָאגֶען, וֶוען אִיךְ בְּרֶענְג אַ שְׁוֶוערְד
אוֹיף אַ לַאנְד, אוּנְד וֶוען דָאס פָּאלְק
פוּן דֶעם לַאנְד גֶעמְט אַ מַאן פוּן
צְווִישֶׁען זֵייא, אוּנְד מַאכֶען אִיהְם פַאר
זִיךְ צוּ זֵייעֶר וֶועכְטֶער:
3 אוּנְד וֶוען עֶר זֶעהְט דָאס אַ
שְׁוֶוערְד קוּמְט אִיבֶּער דֶעם לַאנְד, אוּנְד
עֶר בְּלָאזְט שׁוֹפָר, אוּנְד וָוארֶענְט דָאס
פָּאלְק:
4 אוּנְד דֶער וָואס הֶערְט דָאס קוֹל
פוּן דֶעם שׁוֹפָר, אוּנְד לָאזְט זִיךְ נִיט
וָוארֶענֶען, אוּנְד וֶוען דָאס שְׁוֶוערְד
קוּמְט אָן אוּנְד גֶעמְט אִיהְם אַוֶועק־
זַיין בְּלוּט זָאל זַיין אוֹיף זַיין אֵייגֶענֶעם
קָאפּ:
5 וָוארִין עֶר הָאט גֶעהֶערְט דָאס קוֹל
פוּן דֶעם שׁוֹפָר, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
נִיט גֶעלָאזְט וָוארֶענֶען, זַיין בְּלוּט זָאל
זַיין אוֹיף אִיהְם; אָבֶּער דֶער וָואס
לָאזְט זִיךְ וָוארֶענֶען רֶעטֶעט זִיךְ זֶעלבְּסְט
(זֵיינֶע זֶעעֶלֶע):
6 אָבֶּער וֶוען דֶער וֶועכְטֶער זֶעהְט אַז
דָאס שְׁוֶוערְד קוּמְט אָן, אוּנְד עֶר
בְּלָאזְט נִיט דֶעם שׁוֹפָר, אוּנְד דָאס
פָּאלְק וֶוערְט נִיט גֶעוָוארֶענְט, אוּנְד
וֶוען דָאס שְׁוֶוערְד קוּמְט אוּנְד
גֶעמְט פוּן זֵייא אֵיין נֶפֶשׁ, עֶר אִיז
אַוֶועקְגֶענוּמֶען אִין זֵיינֶער זִינְד; אָבֶּער
זַיין בְּלוּט וֶועל אִיךְ פָאדֶערְן פוּן דֶער
הַאנְד פוּן דֶעם וֶועכְטֶער:
7 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, אִיךְ הָאבּ דִיךְ
גֶעגֶעבֶּען אַלְס וֶועכְטֶער צוּ דֶעם הויז
יִשְׂרָאֵל; דַארוּם זָאלְסְט דוּא הֶערֶען
דָאס וָוארְט פוּן מֵיין מוֹיל, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט זֵייא וָוארֶענֶען פוּן מִיר:
8 וֶוען אִיךְ זָאג צוּ דֶעם רָשָׁע, דוּא
רָשָׁע וֶועסְט גֶעוִויס שְׁטַארְבֶּען; וֶוען
דוּא רֶעדְסְט נִיט כְּדֵי צוּ וָוארֶענֶען
דֶעם רָשָׁע פוּן זַיין וֶועג, דֶער רָשָׁע
וֶועט שְׁטַארְבֶּען אִין זֵיינֶע זִינְד, אָבֶּער
זַיין בְּלוּט וֶועל אִיךְ פָאדֶערְן פוּן
דֵיינֶע הַאנְד:
9 אָבֶּער דוּא, וֶוען דוּא וָוארֶענְסְט
יוֹא דֶעם רָשָׁע פוּן זַיין וֶועג אַז עֶר
זָאל זִיךְ פוּן אִיהְם אוּמְקֶעהְרֶען, אוּנְד
עֶר קֶעהְרְט זִיךְ נִיט אוּם פוּן זַיין וֶועג,
אַזוֹי וֶועט עֶר שְׁטַארְבֶּען אִין זֵיינֶע

זינד, אָבער דוא האָסט דיין נֶפֶש מַצִיל
געוועזען ׃
10 אונד דוא בֶּן־אָדָם, זאָג צוּ דעם
הויז יִשְׂרָאֵל, אַזוי זאָגט איהר—װען
אונזערע פְּשָׁעִים אונד אונזערע זינד
ענען אויף אונס, אונד מיר קומען
אום דורך זייא, וויא זאָלען מיר דען
לעבען ?
11 זאָג צוּ זייא, אַזוי װאָהר וויא איך
לעב, זאָגט דער האר גאָט, איך פערר
לאַנג ניט דעם טויט פון דעם רָשָׁע ;
נייערט, װען דער רָשָׁע װעט זיך
אומקעהרען פון זיין װעג אַזוי װעט
ער לעבען ; קעהרט אייך אום, קעהרט
אייך אום פון אייערע שלעכטע װעגען,
פאַר װאָס זאָלט איהר דען שטאַרבען,
אָ הויז פון יִשְׂרָאֵל ?
12 דארום, דוא בֶּן־אָדָם, זאָג צוּ דיא
קינדער פון דיין פאָלק, דאָס צְדָקוֹת
פון דעם צַדִיק װעט איהם ניט מַצִיל
זיין אין דעם טאָג װען ער זינדיגט,
אונד דאָס רִשְׁעַת פון דעם רָשָׁע—ער
װעט ניט דאדורך געשטרויכעלט װערען
אין דעם טאָג װאָס ער קעהרט זיך
אום פון זיין רִשְׁעַת—דער צַדִיק װעט
ניט קענען לעבען בלייבען דורך זיין
צְדָקוֹת אין דעם טאָג װען ער זינדיגט ׃
13 װען איך זאָג צוּ דעם צַדִיק, אַז
ער זאָל געוויס לעבען, אונד ער פערר
זיכערט זיך אויף זיין צְדָקוֹת, אונד
טהוט אומרעכט, אַלע זיינע צְדָקוֹת
זאָלען ניט געדאַכט װערען, נייערט
אין זיינע אומגערעכטיגקייט װאָס ער
האָט געטהון פאַר דעם זאָל ער
שטאַרבען ׃
14 אָבער װען איך זאָג צוּ דעם רָשָׁע,
דוא װעסט געוויס שטאַרבען ; אונד

װען ער קעהרט זיך אַװעק פון זיינע
זינד אונד טהוט מִשְׁפָּט אונד צְדָקָה ׃
15 אַז דער רָשָׁע גיט צוריק דאָס
מַשְׁכּוֹן, אונד בעצאָהלט פאַר דיא
גְזֵילָה, אונד גייט לויט דעם געזעץ
פון לעבען כְּדֵי ער זאָל קיין אומרעכט
טהון, ער זאָל געוויס לעבען, ער זאָל
ניט שטאַרבען ׃
16 אַלע זיינע זינד װאָס ער האָט
געזינדיגט זאָלען קענען איהם ניט
געדאַכט װערען, ער האָט געטהון
מִשְׁפָּט אונד צְדָקָה, ער זאָל געוויס
לעבען ׃
17 אונד דאָך זאָגען דיא קינדער
פון דיין פאָלק, דער װעג פון דעם
האר איז ניט רעכט, אָבער זייער װעג
איז ניט רעכט ׃
18 װען דער צַדִיק קעהרט זיך אַװעק
פון זיין צְדָקוֹת אונד טהוט אומרעכט,
אַזוי זאָל ער דאדורך שטאַרבען ׃
19 אונד װען דער רָשָׁע קעהרט זיך
אום פון זיין רִשְׁעוּת אונד טהוט
רעכט אונד גערעכטיגקייט, ער זאָל
דורך זייא לעבען ׃
20 אונד דאָך זאָגט איהר דער װעג
פון דעם האר איז ניט רעכט, אָ הויז
פון יִשְׂרָאֵל ! איך װעל אייך מִשְׁפָּט'ן
איטליכען נאָך זיינע װעגען ׃
21 אונד עס איז געװעזען אין דעם
צװעלפטען יאָהר פון אונזער גָלוּת,
אין דעם צעהנטען חודש, אין דעם
פינפטען טאָג, אַזוי איז צוּ מיר געקומען
איין ענטרינענער פון יְרוּשָׁלַיִם, אונד
ער האָט געזאָגט, דיא שטאָט איז
געשלאָגען געװאָרען ׃
22 אונד דיא האַנד פון גאָט איז
אויף מיר געװעזען, אַם אָבענד איידער

דֶער עֶנְטְרִינֶענֶער אִיז אָנְגֶעקוּמֶען,
אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט מֵיין מוֹיל,
בִּיז דֶער עֶנְטְרִינֶענֶער אִיז צוּ מִיר אִין
דֶעם פְרִיה־מָארְגֶען אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד
ווֶען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט מֵיין מוֹיל
אַזוֹי בִּין אִיךְ נִיט מֶעהְר שְׁטוּם
גֶעווֶעזֶען:
23 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז
צוּ מִיר גֶעווֶעזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
24 בֶּן־אָדָם, דִיא וָואס בֶּעוואוֹינֶען
דִיא דָאזִיגֶע חוּרְבוֹת אוֹיף דֶעם לַאנְד
פוּן יִשְׂרָאֵל זָאגֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
אַבְרָהָם אִיז גֶעווֶעזֶען אֵיינֶער, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעיַרְשְׁת דָאס לַאנְד, אוּנְד
מִיר זֶענֶען פִילֶע; אַזוֹי אִיז דָאס לַאנְד
צוּ אוּנְס גֶעגֶעבֶּען אַלְס יְרוּשָׁה:
25 דַארוּם זָאג צוּ זֵייא, אַזוֹי זָאגְט
דֶער הַאר גָאט, אִיהְר עֶסְט מִיט דֶעם
בְּלוּט, אוּנְד אִיהְר הֵייבְּט אוֹיף אֵיירֶע
אוֹיגֶען צוּ אֵיירֶע אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד אִיהְר
פֶערְגִיסְט בְּלוּט, אוּנְד זָאלְט אִיהְר
דָאס לַאנְד יַרְשְׁנֶ'ן?
26 אִיהְר שְׁטֶעלְט אֵייךְ אוֹיף אֵייעֶר
שְׁווֶערְד, אוּנְד אִיהְר טְהוּט אוּמְווֶערְדִיגֶע
מַעֲשִׂים, אִיטְלִיכֶער פֶערְאוּנְרֵיינִיגְט דָאס
ווייבּ פוּן זֵיין פְרֵיינְד, אוּנְד זָאלְט אִיהְר
יַרְשְׁנֶ'ן דָאס לַאנְד?
27 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא זָאגֶען,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אַזוֹי וָואהְר
וויא אִיךְ לֶעבּ, אוֹיבּ דִיא וָואס זֶענֶען
אִין דִיא חוּרְבוֹת וֶועלֶען נִיט פַאלֶען
דוּרְךְ דֶעם שְׁווֶערְד, אוּנְד דִיא וָואס
זֶענֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד וֶועלֶען אַהִינְ־
גֶעגֶעבֶּען ווֶערֶען צוּ דִיא חַיוֹת
אוֹיפְגֶעפְרֶעסֶען צוּ ווֶערֶען, אוּנְד אִין דִיא
פֶּעסְטוּנְגֶען אוּנְד אִין דִיא הֵיילֶען וֶועלֶען
שְׁטַארְבֶּען דוּרְךְ דִיא פֶּעסְטִילֶענְץ:
28 אוּנְד אִיךְ וֶועל דָאס לַאנְד גַאנְץ
וִויסְט מַאכֶען, אוּנְד דִיא גְרוֹיסְקַייט פוּן
אִיהְרֶע שְׁטַארְקְהַייט וֶועט אוֹיפְהֶערֶען,
אוּנְד דִיא בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועלֶען
(אוֹיךְ) זַיין וִויסְט אַז קֵיינֶער וֶועט נִיט
דוּרכְגֵיין:
29 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען וִויסֶען אַז אִיךְ
בִּין יְהֹוָה, ווֶען אִיךְ וֶועל דָאס לַאנְד
אִים גַאנְצֶען וִויסְט מַאכֶען וֶועגֶען אַלֶע
זֵיירֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים וָואס זֵייא
הָאבֶּען גֶעטְהוּן:
30 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, דִיא קִינְדֶער
פוּן דֵיין פָאלְק רֶעדֶען נָאךְ קֶעגֶען דִיר
בֵּייא דִיא וֶוענְד אוּנְד בֵּייא דִיא
טִירֶען פוּן דִיא הֵייזֶער, אוּנְד זֵייא
רֶעדֶען אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד
אֵיין בְּרוּדֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, קוּמְט דָאךְ אוּנְד לָאמֶער
הֶערֶען וָואס דָאס וָוארְט אִיז וָואס
קוּמְט אַרוֹיס פוּן גָאט:
31 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען קוּמֶען צוּ דִיר
אַזוֹי וִויא אַ (פְּרוּם) פָאלְק, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען זִיצֶען פַאר דִיר אַזוֹי וִויא מֵיין
פָאלְק, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען צוּהֶערֶען דֵיין
וָוארְט, אָבֶּער זֵייא וֶועלֶען זֵייא נִיט
טְהוּן, וָוארִין זֵייא טְהוּן נוּר לוֹיבֶּען
מִיט זֵייעֶר מוֹיל, אָבֶּער זֵייא גֵייעֶן נָאךְ
מִיט זֵייעֶר הַארְץ נָאךְ גֵייצְהַייט:
32 אוּנְד זֶעה, דוּא בִּיזְט צוּ זֵייא וִויא
אַ לִיבְּלִיכֶעס לִיד, אַ שֵׁיין קוֹל אוּנְד
גוּט גֶעשְׁפִּיעלְט, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
צוּהֶערֶען דֵיינֶע וֶוערְטֶער, אָבֶּער זֵייא
וֶועלֶען זֵייא נִיט טְהוּן:
33 אוּנְד ווֶען דָאס קוּמְט (זֶעה עֶס
מוּז אָנְקוּמֶען) אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא וִויסֶען
אַז עֶס אִיז צְווִישֶׁען זֵייא גֶעווֶעזֶען אַ
נָבִיא:

קאפיטעל לד

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

2 בֶּן־אָדָם, זָאג נְבִיאוּת אִיבֶּער דִיא פַּאסְטוּכֶערְס פוּן יִשְׂרָאֵל—זָאג נְבִיאוּת, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט צוּ דִיא פַּאסְטוּכֶערְס, אוֹי וֵוייא צוּ דִיא פַּאסְטוּכֶערְס פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאבֶּען זִיךְ אַלֵיין גֶעפִּיטֶערְט! זָאלְטֶען נִיט דִיא פַּאסְטוּכֶערְס וֵויידֶען דִיא שָׁאף?

3 דָאס בֶּעסְטֶע (חֵלֶב) הָאט אִיהְר גֶעגֶעסֶען, אוּנְד מִיט דִיא וָואל הָאט אִיהְר אֵייךְ אָנְגֶעקְלֵייט, אוּנְד דִיא פֶעטְסְטֶע הָאט אִיהְר גֶעשָׁאכְטֶען, אָבֶּער אִיהְר הָאט נִיט גֶעוֵויידֶעט דִיא שָׁאף:

4 דִיא שְׁוַואכֶע הָאט אִיהְר נִיט שְׁטַארְק גֶעמַאכְט, אוּנְד דִיא קְרַאנְקֶע הָאט אִיהְר נִיט אוֹיסְגֶעהֵיילְט, אוּנְד דִיא גֶעבְּרָאכֶענֶע הָאט אִיהְר נִיט פֶערְבִּינְדֶען, אוּנְד דָאס פֶערְשְׁטוֹיסֶענֶע הָאט אִיהְר נִיט צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד דִיא פֶערְלוֹירֶענֶע הָאט אִיהְר נִיט גֶעזוּכְט, נֵייעֶרְט אִיהְר הָאט אִיבֶּער זֵייא גֶעוֶועלְטִיגְט מִיט מַאכְט אוּנְד מִיט שְׁוֶוערֶע אַרְבֵּייט:

5 אוּנְד זֵייא זֶענֶען פֶערְשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען וֵוייל עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין פַּאסְטוּךְ, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען אַלְס עֶסֶען פַאר אַלֶע חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד, וֶוען זֵייא זֶענֶען פֶערְשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען:

6 מֵיינֶע שָׁאף זֶענֶען פַארְאִירְט אוֹיף אַלֶע בֶּערְג, אוּנְד אוֹיף אִיטְלִיכֶען הוֹיכֶען הִיגֶעל, אוּנְד אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד זֶענֶען מֵיינֶע שָׁאף פֶערְשְׁפְּרֵייט, אוּנְד קֵיינֶער פָארְשְׁט נִיט נָאךְ אוּנְד קֵיינֶער זוּכְט זֵייא נִיט:

7 דַארוּם אוֹי אִיהְר פַּאסְטוּכֶערְס, הֶערְט דָאס וָוארְט פוּן גָאט:

8 אַזוֹי וָואהְר וִויא אִיךְ לֶעבּ זָאגְט דֶער הַאר גָאט, בְּאֶמֶת, וֵוייל מֵיינֶע שָׁאף זֶענֶען גֶעוָוארֶען צוּם רוֹיבּ, אוּנְד מֵיינֶע שָׁאף זֶענֶען גֶעוָוארֶען אַלְס עֶסֶען פַאר אַלֶע חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד וֵוייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט אַ (רֶעכְטֶען) פַּאסְטוּךְ, אוּנְד מֵיינֶע פַּאסְטוּכֶער הָאבֶּען נִיט גֶעזוּכְט מֵיינֶע שָׁאף, נֵייעֶרְט דִיא פַּאסְטוּכֶערְס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפַּאשֶׁעט אָבֶּער מֵיינֶע שָׁאף הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעפַּאשֶׁעט:

9 דַארוּם, אוֹי אִיהְר פַּאסְטוּכֶערְס הֶערְט דָאס וָוארְט פוּן גָאט:

10 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיא פַּאסְטוּכֶערְס, אוּנְד אִיךְ וֶועל מֵיינֶע שָׁאף פָארְדֶערְן פוּן זֵיירֶע הֶענְד, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא מַאכֶען אוֹיפְהֶערֶען צוּ זֵיין פַּאסְטוּכֶערְס פוּן דִיא שָׁאף, אוּנְד דִיא פַּאסְטוּכֶער וֶועלֶען זִיךְ נִיט מֶעהְר אַלֵיין פוּן זֵייא וֵויידֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל מֵיינֶע שָׁאף מַצִיל זֵיין פוּן זֵייעֶר מוֹיל, אַז זֵייא זָאלֶען נִיט מֶעהְר פַאר זֵייא זֵיין צוּם עֶסֶען:

11 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעה, אִיךְ—אִיךְ אַלֵיין וֶועל אוֹיסְפָארְשְׁטֶען מֵיינֶע שָׁאף אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא אוֹיסְזוּכֶען:

12 אַזוֹי וִויא אַ פַּאסְטוּךְ פָארְשְׁט אוֹיס זֵיינֶע שָׁאף אִין דֶעם טָאג וָואס עֶר אִיז צְווִישֶׁען זֵיינֶע שָׁאף וָואס זֶענֶען צוּשְׁטְרֵייעֶט, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אוֹיסְפָארְשְׁטֶען מֵיינֶע שָׁאף, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא מַצִיל זֵיין פוּן אַלֶע עֶרְטֶער וְואוּ זֵייא זֶענֶען דָארְט אַהִין פֶערְשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען אִין

דֶעם טָאג פוּן אַ וָואלְקֶען אוּנְד טוּנְ־
קֶעלְהֵייט׃
13 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען
פוּן דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא
אֵיינְזַאמֶעלְן פוּן דִיא לֶענְדֶער, אוּנְד
אִיךְ וֶועל זֵייא אַרֵיינבְּרֶענְגֶען צוּ זֵייעֶר
(אֵייגֶען) לַאנְד, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא
(פַּאשֶׁען) וֵויידֶען אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן
יִשְׂרָאֵל, בֵּייא דִיא טֵייכֶען אוּנְד בֵּייא
אַלֶע בֶּעוואוֹינְטֶע עֶרְטֶער פוּן דֶעם
לַאנְד׃
14 אוֹיף אַ גוּטֶען וֵויידֶע אָרְט וֶועל
אִיךְ זֵייא פַּאשֶׁען, אוּנְד אוֹיף דִיא הוֹיכֶע
בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועט זֵיין זֵייעֶרֶע
וְואוֹינוּנְג, דָארְט וֶועלֶען זֵייא רוּהֶען,
אוֹיף אַ גוּטֶען וֵויידֶע־אָרְט, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען זִיךְ פַּאשֶׁען אוֹיף אַ פֶעטֶען
אָרְט, אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל׃
15 אִיךְ וֶועל וֵויידֶען מֵיינֶע שָׁאף,
אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא מַאכֶען רוּהֶען,
זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃
16 דִיא פֶערְלוֹירֶענֶע וֶועל אִיךְ זוּכֶען,
אוּנְד דִיא פֶערְשְׁטוֹיסֶענֶע וֶועל אִיךְ
צוּרִיקבְּרֶענְגֶען, אוּנְד דִיא צוּבְּרָאכֶענֶע
וֶועל אִיךְ פֶערְבִּינְדֶען, אוּנְד דִיא קְרַאנְקֶע
וֶועל אִיךְ שְׁטַארְקֶען, אָבֶּער דִיא פֶעטֶע
אוּנְד דִיא שְׁטַארְקֶע וֶועל אִיךְ פֶערְ־
טִילְגֶען, אִיךְ וֶועל זֵייא פַּאשֶׁען מִיט
מִשְׁפָּט׃
17 אָבֶּער וָואס מֵיינֶע שָׁאף אָנְבֶּעלַאנְגְט,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעה, אִיךְ
וֶועל מִשְׁפָּט'ן צְווִישֶׁען לֶעמֶער אוּנְד
לֶעמֶער, אוּנְד צְווִישֶׁען דִיא ווִידֶער
אוּנְד בֶּעק׃
18 אִיז עֶס וֵויינִיג פוּן אֵייךְ אַז אִיהְר
פַּאשֶׁעט אֵייךְ זֶעלְבְּסְט אוֹיף דֶער גוּטֶע
וֵויידֶע, אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע פוּן אֵיירֶע
וֵויידֶע טְהוּט אִיהְר צוּטְרֶעטֶען מִיט
אֵיירֶע פִּיס? אוּנְד אִיהְר טְרִינְקְט פוּן
דֶעם (טִיפֶען) קְלָארֶען וַואסֶער אָבֶּער
דָאס אִיבְּרִיגֶע מוּזְט אִיהְר מִיט אֵיירֶע
פִּיס אוֹיסְמִישֶׁען (פֶערְשְׁמוּצֶען)?
19 אָבֶּער מֵיינֶע שָׁאף מוּזֶען זִיךְ
וֵויידֶען מִיט דֶעם וָואס אֵיירֶע פִּיס
הָאבֶּען צוּטְרֶעטֶען, אוּנְד דָאס וָואס
אִיהְר הָאט אוֹיסְגֶעמִישְׁט (פֶערְשְׁמוּצְט)
מִיט אֵיירֶע פִּיס מוּזֶען זֵייא טְרִינְקֶען׃
20 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט
צוּ זֵייא, זֶעה, אִיךְ־אִיךְ אַלֵיין וֶועל
מִשְׁפָּט'ן צְווִישֶׁען דֶעם פֶעטֶען שָׁאף
אוּנְד צְווִישֶׁען דֶעם מָאגֶערְן שָׁאף׃
21 וֵוייל אִיהְר הָאט גֶעשְׁטוֹיסֶען מִיט
אֵיירֶע זֵייט אוּנְד אַקְסֶעל, אוּנְד אִיהְר
הָאט מִיט אֵיירֶע הֶערְנֶער גֶעשְׁטוֹיסֶען
אַלֶע קְרַאנְקֶע, בִּיז אִיהְר הָאט זֵייא
פֶערְשְׁפְּרֵייט דְרוֹיסֶען אוֹיף דֶער גַאס׃
22 אַזוֹי וֶועל אִיךְ מֵיינֶע שָׁאף הֶעלְפֶען
כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט מֶעהְר זֵיין צוּם
רוֹיב, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִשְׁפָּט'ן צְווִישֶׁען
שָׁאף אוּנְד שָׁאף׃
23 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּער זֵייא אוֹיפְ־
שְׁטֶעלֶען אֵיין פַּאסְטוּךְ, אוּנְד עֶר וֶועט
זֵייא פַּאשֶׁען, דְהַיְינוּ מֵיין קְנֶעכְט דָוִד,
עֶר וֶועט זֵייא וֵויידֶען, אוּנְד עֶר וֶועט
זֵיין זֵייעֶר פַּאסְטוּךְ׃
24 אוּנְד אִיךְ יְהֹוָה וֶועל זֵיין צוּ זֵייא
פַאר אַ גָאט, אוּנְד מֵיין קְנֶעכְט דָוִד
וֶועט זֵיין צְווִישֶׁען זֵייא אַ הַאר, אִיךְ
יְהֹוָה הָאבּ עֶס גֶערֶעט׃
25 אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיט זֵייא מַאכֶען
אַ בְּרִית פוּן שָׁלוֹם, אוּנְד אִיךְ וֶועל
לָאזֶען אוֹיפְהֶערֶען דִיא בֵּייזֶע (ווִילְדֶע)
חַיוֹת פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
(קֶענֶען) וְואוֹינֶען אִין דֶער מִדְבָּר אִין

זיכערהייט, אונד זייא װעלען (קענען)
שלאפען אין דיא װעלדער:
26 אונד איך װעל זייא מאכען רינגס
ארום מיינע הויכע (בערג) א ברכה,
אונד איך װעל מאכען ארופנידערן
דעם רעגען אין זיינע צייט, עס װעלען
זיין געבענשטע רעגען:
27 אונד דער בוים פון דעם פעלד
װעט געבען זיינע פירות, אונד דאס
לאנד װעט געבען איהר געװעקס,
אונד דאס לאנד װעט זיין צו זיכערהייט,
אונד זייא װעלען װיסען אז איך בין
יהוה, װען איך װעל צוברעכען דיא
שטאנגען פון זייער יאך, אונד װעל
זייא מציל זיין פון דיא האנד פון דיא
װאס האבען מיט זייא געארבייטעט:
28 אונד זייא װעלען ניט מעהר זיין
פאר א רויבונג צו דיא גוים, אונד
דיא חיות פון דעם לאנד װעלען זייא
ניט פרעסען, נייערט זייא װעלען
װואוינען אין זיכערהייט אונד קיינער
װעט זייא ניט דערשרעקען:
29 אונד איך װעל צו זייא אויפ־
שטעלען א פלאנצונג פון א (גרויסען)
שם, אונד עס װעלען ניט מעהר זיין
אין דעם לאנד זאלכע װאס קומען
אום פאר הונגער, אונד זייא װעלען
ניט מעהר טראגען דיא שאנד פון דיא
גוים:
30 אונד זייא װעלען װיסען אז איך
יהוה זייער גאט בין מיט זייא, אונד
דאס זייא, דאס הויזגעזינד פון ישראל
זענען מיין פאלק, זאגט דער האר גאט:
31 אונד איהר, מיינע שאף, דיא
שאף פון מיינע װיידע זענט מענשען,
איך בין אייער גאט, זאגט דער האר
גאט:

## קאפיטעל לה

1 אונד דאס װארט פון גאט איז צו
מיר געװעזען, אזוי צו זאגען:
2 בן־אדם, טהוא דיין פנים קעגען
דעם בארג שעיר, אונד זאג קעגען
איהם נביאות:
3 אונד דוא זאלסט צו איהם זאגען,
אזוי זאגט דער האר גאט, װעה, איך
בין קעגען דיר, דוא בארג שעיר,
אונד איך װעל אויסשטרעקען מיינע
האנד איבער דיר, אונד איך װעל דיך
אים גאנצען פערװיסטען:
4 דיינע שטעט װעל איך חרוב מאכען,
אונד דוא װעסט פערװיסט װערען,
אונד דוא װעסט װיסען אז איך בין
יהוה:
5 דארום װייל דוא האסט געהאט
איינע אייביגע פיינדשאפט, אונד האסט
אויסגעגאסען (דאס בלוט) פון דיא
קינדער ישראל דורך דעם שװערד אין
דער צייט פון זייער אונגליק, אין דער
צייט װען זייערע זינד האט געהאט איין
ענד:
6 דארום, אזוי װאהר װיא איך לעב,
זאגט דער האר גאט, איך װעל דיך
צוברייטען צו בלוט, אונד בלוט װעט
דיך נאכיאגען, װייל דוא האסט ניט
פיינד געהאט דאס בלוט אזוי װעט
דיך בלוט נאכיאגען:
7 אונד איך װעל דעם בארג שעיר אים
גאנצען װיסט מאכען, אונד איך װעל
פון איהם פערשניידען דעם װאס גייט
דורך אונד קומט צוריק:
8 אונד איך װעל זיינע בערג פול
מאכען מיט זיינע דערשלאגענע, דיינע
הויכע היגלען אונד דיינע טהאלען
אונד אין אלע דיינע טייכען װעלען

אַרײנְפַאלֶען דֶערשְׁלַאגֶענֶע דוּרְךְ דָאס
שְׁװֶערְד׃
9 אִיךְ װֶעל דִיךְ מַאכֶען פַאר אֵיינֶע
אֵייבִּיגֶע פֶערְװִיסְטוּנְג, אוּנְד דֵיינֶע שְׁטֶעט
װֶעלֶען קֵיינְמָאל נִיט בֶּעװָאוינְט װֶערֶען,
אוּנְד אִיהְר װֶעט װִיסֶען אַז אִיךְ בִּין
יְהֹוָה׃
10 װֵייל דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט דָאס דִיא
צְװֵייא פֶעלְקֶער אוּנְד דִיא צְװֵייא לֶענְ־
דֶער זָאלֶען מֵיין זֵיין, אוּנְד מִיר װֶעלֶען
זֵייא יַרְשַׁ'ן חָאטְשֶׁע יְהֹוָה אִיז דָארְטֶען
גֶעװֶעזֶען׃
11 דַארוּם, אַזוֹי װָאהְר װִיא אִיךְ לֶעבּ,
זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דָאס אִיךְ װֶעל
טְהוּן גְרָאד אַזוֹי װִיא דֵיין צָארְן אוּנְד
אַזוֹי װִיא דֵיין גְרִימְצָארְן װָאס דוּא הָאסְט
גֶעטְהוּן פוּן װֶעגֶען דֵיינֶע פֵיינְדְשַׁאפְט
װָאס דוּא הָאסְט קֶעגֶען זֵייא, אוּנְד אִיךְ
װֶעל אִין זֵייא בֶּעקַאנְט װֶערֶען װֶען אִיךְ
װֶעל דִיךְ מִשְׁפָּט'ן׃
12 אוּנְד דוּא װֶעסְט װִיסֶען אַז אִיךְ
יְהֹוָה הָאבּ גֶעהֶערְט אַלֶע דֵיינֶע עֶסְ־
טֶערוּנְגֶען װָאס דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט אִיבֶּער
דִיא בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
זֵייא זֶענֶען פֶערְװִיסְט גֶעװָארֶען, זֵייא
זֶענֶען צוּ אוּנְס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעװָארֶען
כְּדֵי צוּ פֶערְדַארְבֶּען׃
13 אוּנְד אִיהְר הָאט קֶעגֶען מִיר אַ
גְרוֹיס מוֹיל גֶעמַאכְט, אוּנְד אִיהְר הָאט
אֵײרֶע װֶערְטֶער קֶעגֶען מִיר פֶערְ־
מֶעהְרְט, אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעהֶערְט׃
14 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, װֶען
דִיא גַאנְצֶע עֶרְד װֶעט זִיךְ פְרֵייעֶן, װֶעל
אִיךְ דִיךְ צוּ אַ פֶערְװִיסְטוּנְג מַאכֶען׃
15 אַזוֹי װִיא דוּא הָאסְט דִיךְ גֶעפְרֵייט
אִיבֶּער דִיא נַחֲלָה פוּן דֶעם הױזְגֶעזִינְד
פוּן יִשְׂרָאֵל, װֵייל עֶס אִיז פֶערְװִיסְט
גֶעװָארֶען, גְרָאד אַזוֹי װֶעל אִיךְ צוּ דִיר
טְהוּן, דוּא װֶעסְט פֶערְװִיסְט װֶערֶען אָ
בַּארְג שֵׂעִיר, אוּנְד גַאנְץ אֱדוֹם, יָא,
אִים גַאנְצֶען, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען װִיסֶען אַז
אִיךְ בִּין יְהֹוָה׃

## קאפּיטעל לו

1 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם זָאג נְבִיאוֹת צוּ
דִיא בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
זָאגֶען, אִיהְר בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל, הֶערְט
דָאס װָארְט פוּן גָאט׃
2 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, װֵייל דֶער
פֵיינְד הָאט אִיבֶּער אֵייךְ גֶעזָאגְט הַא
הַא! אַפִילוּ דִיא הױךְ פוּן דִיא װֶעלְט
אִיז גֶעװָארֶען צוּ אַ יְרוּשָׁה צוּ אוּנְס׃
3 דַארוּם זָאג נְבִיאוֹת, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
גָאט, גְרָאד װֵייל זֵייא הָאבֶּען אֵייךְ
פֶערְװִיסְט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵייךְ (װִיא)
פֶערְשְׁלוּנְגֶען רִינְגְס אַרוּם, כְּדֵי אִיהְר
זָאלְט זֵיין אַ יְרוּשָׁה פַאר דִיא אִיבֶּער־
בְּלֵייבּוּנְג פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד אִיהְר
זֶענְט אוֹיפְגֶענוּמֶען אוֹיף דִיא לִיפּ
אוּנְד צוּנְג בֵּייא דִיא רְכִילוּת רֶעדֶערְס
פוּן דֶעם פָאלְק׃
4 דַארוּם, אִיהְר בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל
הֶערְט דָאס װָארְט פוּן דֶעם הַאר גָאט,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט צוּ דִיא בֶּערְג,
אוּנְד צוּ דִיא הױךְ, אוּנְד צוּ דִיא טֵייכֶען,
אוּנְד צוּ דִיא טְהָאלֶען, אוּנְד צוּ דִיא פֶערְ־
װִיסְטֶע חוּרְבוֹת, אוּנְד צוּ דִיא פֶערְלָאזֶענֶע
שְׁטֶעט װָאס זֶענֶען גֶעװָארֶען צוּם רוֹיבּ
אוּנְד צוּם שְׁפָּאט צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע
גוֹיִם װָאס זֶענֶען רִינְגְס אַרוּם׃
5 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
בֶּאֱמֶת, אִיךְ װֶעל רֶעדֶען מִיט דִיא אִי־
בֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע גוֹיִם דוּרְךְ דֶעם פֵייעֶר
פוּן מֵיין צָארְן אוּנְד אִיבֶּער גַאנְץ

אֶרום, וָואס הָאבֶּען זִיךְ אַלֵיין גֶענוּמֶען מֵיין לַאנְד אַלְס יְרוּשָׁה מִיט דֶער פְרֵייד פוּן דֶעם גַאנְצֶען הַארְץ, אוּנְד מִיט אַ פֶערְאַכְטֶעטֶען גֶעמִיט, כְּדֵי אִיהְר וֵוייְדֶע פְּלַאץ זָאל וֶוערֶען צוּם רויב:

6 דַארוּם זָאג נְבִיאוּת אִיבֶּער דֶעם לַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ דִיא בֶּערְג אוּנְד צוּ דִיא הויךְ, אוּנְד צוּ דִיא טֵייכֶען אוּנְד צוּ דִיא טְהָאלֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעהְט, אִיךְ הָאבּ גֶערֶעדט אִין מֵיין צָארְן אוּנְד אִין מֵיין גְרִימְצָארְן וַוייל אִיהְר הָאט גֶעטְרָאגֶען דִיא שַׁאנְד פוּן דִיא גוֹיִם:

7 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִיךְ הָאבּ אויפְגֶעהויבֶּען מֵיינֶע הַאנְד, בֶּאֱמֶת, דִיא גוֹיִם וָואס זֶענֶען רִינְגְס אַרוּם אֵייךְ, זַייא וֶועלֶען טְרָאגֶען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע שַׁאנְד:

8 אָבֶּער אִיהְר, אָ בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיהְר וֶועט לָאזֶען אוֹיסְשְׁפְּרָאצֶען אֵייעֶרֶע צְוֵוייגֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט טְרָאגֶען אֵייעֶרֶע פֵּירוֹת פַאר מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, וָוארִין זַייא גֶענֶעהֶנֶען זִיךְ אָנְצוּקוּמֶען:

9 וָוארִין זֶעהְט, אִיךְ בִּין פַאר אֵייךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ צוּ אֵייךְ קֶעהְרֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט בֶּעאַרְבֵּייט אוּנְד בֶּעזֵייעֶט וֶוערֶען:

10 אוּנְד אִיךְ וֶועל אויף אֵייךְ פֶערְ־מֶעהְרֶען מֶענְשֶׁען, דָאס גַאנְצֶע הויז־גֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אִים גַאנְצֶען, אוּנְד דִיא שְׁטֶעט וֶועלֶען בֶּעוָואוֹינְט וֶוערֶען, אוּנְד דִיא חוּרְבוֹת וֶועלֶען אויפְגֶעבּויעֶט וֶוערֶען:

11 אוּנְד אִיךְ וֶועל אויף אֵייךְ פֶערְ־מֶעהְרֶען מֶענְשֶׁען אוּנְד בְּהֵמוֹת, אוּנְד זַייא וֶועלֶען זִיךְ מֶעהְרֶען אוּנְד זַיין פְרוּכְטְבַּאר, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ וַוידֶער וָואוֹינֶען לָאזֶען אַזוֹי וַויא פְרִיהֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ גוּטֶעס טְהוּן אַזוֹי וַויא אִין דִיא עֶרְשְׁטֶע צֵייטֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה:

12 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּער אֵייךְ פִיהְרֶען מֶענְשֶׁען, (זָאגַאר) מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זַייא וֶועלֶען דִיךְ יַרְשְׁנְ'ן, אוּנְד דוּא וֶועסְט זַיין זֵייעֶרֶע נַחֲלָה, אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵייא נִיט מֶעהְר פֶערְוַוארְפֶען:

13 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, וַוייל זֵייא זָאגֶען צוּ אֵייךְ, דוּא בִּיזְט אַ מֶענְשֶׁען פְרֶעסֶער, אוּנְד דוּא בִּיזְט גֶעוָוארֶען אַ פֶערְוַוארְפֶערִין פוּן דֵיינֶע פֶעלְקֶער:

14 דַארוּם וֶועסְט דוּא נִיט מֶעהְר מֶענְשֶׁען פְרֶעסֶען, אוּנְד דֵיינֶע פֶעלְקֶער וֶועסְט דוּא אוֹיךְ נִיט מֶעהְר פֶערְוַוארְפֶען, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

15 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט מֶעהְר לָאזֶען הֶערֶען דִיא שַׁאנְד פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט מֶעהְר טְרָאגֶען דִיא חֶרְפָּה פוּן דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד דוּא וֶועסְט אוֹיךְ נִיט מֶעהְר מַאכֶען דֵיין פָאלְק שְׁטְרוֹיכֶעלְן (אָדֶער קִינְדֶערלויז), זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

16 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

17 בֶּן־אָדָם, וֶוען דָאס הויז יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעוָואוֹינְט אויף זֵייעֶר לַאנְד אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא עֶס מְטַמֵא גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ זֵייעֶרֶע וֶועגֶען אוּנְד דוּרְךְ זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים, אַזוֹי וַויא דִיא טֻמְאָה פוּן אַ נִדָה אִיז זֵייעֶר וֶועג פַאר מִיר גֶע־וָוארֶען:

18 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּער זֵייא אוֹיסְ־גִיסֶען מֵיין גְרִימְצָארְן וֶועגֶען דֶעם

בְּלוּט וָואס זֵייא הָאבֶּען פֶּערְגָאסֶען
אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד פוּן וֶועגֶען זֵייעֶרֶע
גֶעצֶּען מִיט וָואס זֵייא הָאבֶּען עֶס
מְטַמֵּא גֶעוֶועזֶען׃
19 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא פֶּערְשְׁפְּרֵייט
אוּנְטֶער דִיא גוֹיִם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
צוּשְׁטְרֵייעֶט אִין דִיא לֶענְדֶער, נָאךְ
זֵייעֶרֶע וֶועגֶען אוּנְד נָאךְ זֵייעֶרֶע וֶוערְק
הָאבּ אִיךְ זֵייא גֶעמִשְׁפָּט׃
20 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען
צוּ דִיא גוֹיִם, אַווְאוּ זֵייא זֶענֶען דָארְט
אַהִינְגֶעקוּמֶען אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא מְחַלֵּל
גֶעוֶועזֶען מֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, וֶוען
מֶען הָאט פוּן זֵייא גֶעזָאגְט, דִיא דָאזִיגֶע
זֶענֶען גָאטְ'ס פָאלְק, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן זֵיין לַאנְד׃
21 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶערְבַּארְמְט
וֶועגֶען מֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען וֶועלְכֶען
דָאס הוֹיז יִשְׂרָאֵל הָאט מְחַלֵּל גֶעוֶועזֶען
צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם אַווְאוּ זֵייא זֶענֶען
דָארְטֶען אַהִינְגֶעקוּמֶען׃
22 דַארוּם זָאג צוּ דֶעם הוֹיז יִשְׂרָאֵל,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, נִיט פוּן
אֵיירֶעטְוֶועגֶען טְהוּא אִיךְ דָאס, אָ הוֹיז
יִשְׂרָאֵל, נֵייעֶרְט וֶועגֶען מֵיין הֵיילִיגֶען
נָאמֶען וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט מְחַלֵּל
גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם אַווְאוּ
אִיהְר זֶענְט דָארְטֶען אַהִינְגֶעקוּמֶען׃
23 אוּנְד אִיךְ וֶועל הֵיילִיגֶען מֵיין
גְרוֹיסֶען נָאמֶען וֶועלְכֶער אִיז פֶּער־
שְׁוֶועכְּט גֶעוָוארֶען צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם
וָואס אִיהְר הָאט אִיהְם מְחַלֵּל גֶעוֶועזֶען
צְוִוישֶׁען זֵייא; אוּנְד דִיא גוֹיִם וֶועלֶען
וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה, זָאגְט דֶער
הַאר גָאט, וֶוען אִיךְ וֶועל אִין אֵייךְ
גֶעהֵיילִיגְט וֶוערֶען פַאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען׃
24 אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַרוֹיסְנֶעמֶען
פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ
אֵיינְזַאמֶעלְן פוּן אַלֶע לֶענְדֶער, אוּנְד
אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען צוּ אֵייעֶר
אֵייגֶען לַאנְד׃
25 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּער אֵייךְ
שְׁפְּרֶענְגֶען רֵיין וַואסֶער אוּנְד אֵייךְ
רֵיינִיגֶען פוּן אַלֶע אֵיירֶע אוּנְרֵיינִיגְקֵייטֶען,
אוּנְד פוּן אַלֶע אֵיירֶע גֶעצֶען וֶועל אִיךְ
אֵייךְ רֵיינִיגֶען׃
26 אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ גֶעבֶּען אַ
נֵייעֶס הַארְץ, אוּנְד אַ נֵייעֶן גֵייסְט
וֶועל אִיךְ צְוִוישֶׁען אֵייךְ גֶעבֶּען, אוּנְד
אִיךְ וֶועל אָפּטְהוּן דָאס שְׁטֵיינֶערְנֶע
הַארְץ פוּן אֵייעֶר פְלֵיישׁ, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אֵייךְ גֶעבֶּען אַ פְלֵיישֶׁערְנֶעס
הַארְץ׃
27 אוּנְד מֵיין רוּחַ (הַקוֹדֶשׁ) וֶועל אִיךְ
גֶעבֶּען צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל
מַאכֶען דָאס אִיהְר זָאלְט גֵיין אִין
מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען
מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים אוּנְד אִיהְר זָאלְט
זֵייא טְהוּן׃
28 אוּנְד אִיהְר וֶועט וְואוֹינֶען אִין
דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען
צוּ אֵיירֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד אִיהְר וֶועט
זַיין מֵיין פָאלְק, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַיין
אֵייעֶר גָאט׃
29 אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ הֶעלְפֶען
פוּן אַלֶע אֵיירֶע אוּנְרֵיינִיגְקֵייטֶען, אוּנְד
אִיךְ וֶועל רוּפֶען צוּ דֶעם קָארְן, אוּנְד
אִיךְ וֶועל עֶס פֶּערְמֶעהְרֶען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אוֹיף אֵייךְ נִיט גֶעבֶּען קֵיין
הוּנְגֶער׃
30 אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶּערְמֶעהְרֶען דִיא
פֵּירוֹת פוּן דֶעם בּוֹים, אוּנְד דִיא
פְּרוּכְט פוּן דֶעם פֶעלְד, כְּדֵי אִיהְר
זָאלְט נִיט מֶעהְר גֶענֶעמֶען (הָאבֶּען)

דִיא חֶרְפָּה פוּן הוּנְגֶער צְווִישֶׁען דִיא
גוֹיִם׃
31 אוּנְד דֶענְסְטְמָאל וֶועט אִיהְר
גֶעדֶענְקֶען אֵיירֶע שְׁלֶעכְטֶע וֶועגֶען
אוּנְד אֵיירֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים, וָואס
זֶענֶען נִיט גוּט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אִיהְר
וֶועט אֵייךְ זֶעלְבְּסְט פֶערְעֶקֶעלְן אִין
אֵיירֶע אוֹיגֶען וֶועגֶען אֵיירֶע זִינְד אוּנְד
וֶועגֶען אֵיירֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים׃
32 נִיט אוּם אֵיירֶעט וֶועגֶען טְהוּא
אִיךְ דָאס, זָאגְט דֶער הַאר גָאט, לָאז
דָאס צוּ אֵייךְ בֶּעקַאנְט זַיין, כְּדֵי אִיהְר
זָאלְט הָאבֶּען בּוּשָׁה אוּנְד שַׁאנְד
וֶועגֶען אֵיירֶע שְׁלֶעכְטֶע וֶועגֶען, אָ הויז
יִשְׂרָאֵל!
33 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִין
דֶעם טָאג וֶוען אִיךְ וֶועל אֵייךְ הָאבֶּען
גֶערֵיינִיגְט פוּן אַלֶע אֵיירֶע זִינְדֶען וֶועל
אִיךְ אֵייךְ אוֹיךְ מַאכֶען וְואוֹינֶען אִין
דִיא שְׁטֶעט, אוּנְד דִיא חוּרְבוֹת וֶועלֶען
אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט וֶוערֶען;
34 אוּנְד דָאס פֶערְווִיסְטֶע לַאנְד וֶועט
בֶּעאַרְבֵּייטֶעט וֶוערֶען, ווייל עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען ווִיסְט פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן
אַלֶע אִיבֶּערְגֵייעֶרְס׃
35 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זָאגֶען, דָאס
דָאזִיגֶע לַאנְד וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען ווִיסְט
אִיז גֶעוָוארֶען אַזוֹי ווִיא דֶער גַן־עֵדֶן,
אוּנְד דִיא שְׁטֶעט וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
חָרוּב אוּנְד ווִיסְט, אוּנְד אָפְּגֶעבְּרָאכֶען,
זֶענֶען גֶעוָוארֶען צוּ פֶעסְטֶע אוּנְד
בֶּעוָואוֹינְטֶע׃
36 אוּנְד דִיא גוֹיִם וָואס זֶענֶען
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען רִינְגְס אַרוּם אֵייךְ
וֶועלֶען ווִיסֶען אַז אִיךְ יְהֹוָה בּוֹיעֶ
אוֹיף דָאס צוּפַאלֶענֶע, אוּנְד אִיךְ
פְּלַאנְץ דָאס פֶערְווִיסְטֶעטֶע, אִיךְ יְהֹוָה
הָאבּ עֶס גֶערֶעט אוּנְד הָאבּ עֶס
(אוֹיךְ) גֶעטְהוּן׃
37 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, נָאךְ
וֶועגֶען דֶעם דָאזִיגֶען מָאל וֶועל אִיךְ
גֶעפָּארְשְׁט וֶוערֶען פוּן דֶעם הויז
יִשְׂרָאֵל עֶס פַאר זֵייא צוּ טְהוּן, אִיךְ
וֶועל פַאר זֵייא מֶענְשֶׁען פֶערְמֶעהְרֶען
אַזוֹי ווִיא שָׁאף׃
38 אַזוֹי ווִיא הֵיילִיגֶע שָׁאף,–אַזוֹי
ווִיא דִיא שָׁאף פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אִין
זֵיירֶע יָמִים טוֹבִים, אַזוֹי וֶועלֶען זַיין
דִיא ווִיסְטֶע שְׁטֶעט פוּל מִיט שָׁאף
פוּן מֶענְשֶׁען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען ווִיסֶען
אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה׃

קאפיטעל לז

1 דִיא הַאנְד פוּן גָאט אִיז אוֹיף מִיר
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד גָאט הָאט מִיךְ אַרוֹיסְ־
גֶעבְּרַאכְט דוּרְךְ דֶעם רוּחַ (הַקוֹדֶשׁ),
אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרוּפְגֶעלָאזְט אִין
דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם טְהָאל, וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען פוּל מִיט בֵּיינֶער׃
2 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אִיבֶּער זֵייא
דוּרְכְגֶעפִיהְרְט אַרוּם אוּנְד אַרוּם, אוּנְד
זֶעה, זֵייא זֶענֶען זֶעהְר פִיל גֶעוֶועזֶען
אִין דֶעם אָפֶּענֶעם טְהָאל, אוּנְד זֶעה,
זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זֶעהְר טְרוּקֶען
(פֶערְדַארְט)׃
3 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
בֶּן־אָדָם, קֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע בֵּיינֶער
לֶעבֶּען? אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, אוֹי
הַאר גָאט, דוּא אַלֵיין ווייסְט עֶס׃
4 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
זָאג נְבִיאוֹת אִיבֶּער דִיא דָאזִיגֶע בֵּיינֶער,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, אוֹי
אִיהְר פֶערְדַארְטֶע בֵּיינֶער, הֶערְט דָאס
וָוארְט פוּן גָאט!
5 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט צוּ דִיא

דָאזִיגֶע בֵּיינֶער, זֶעהְט, אִיךְ וֶועל אִין אֵייךְ אַרֵיינבְּרֶענְגֶען אַ רוּחַ אוּנְד אִיהְר וֶועט לֶעבֶּען:

6 אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיף אֵייךְ גֶעבֶּען אָדֶערְן, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיף אֵייךְ בְּרֶענְגֶען פְלֵיישׁ, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ בֶּעדֶעקֶען מִיט הוֹיט אוּנְד אִיךְ וֶועל אִין אֵייךְ גֶעבֶּען אַיין רוּחַ, אוּנְד אִיהְר וֶועט לֶעבֶּעדִיג וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה:

7 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ נְבִיאוּת גֶעזָאגְט, וִויא מֶען הָאט מִיר גֶעבָּאטֶען; אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ נְבִיאוּת גֶעזָאגְט, אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען אַ קוֹל, אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַיין רַעשׁ, וָוארִין דִיא בֵּיינֶער זֶענֶען נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען אַיין בַּיין צוּם אַנְדֶערְן בַּיין:

8 אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, זֶעה עֶס אִיז אִיבֶּער זֵייא גֶעוֶועזֶען אָדֶערְן, אוּנְד פְלֵיישׁ אִיז אוֹיף זֵייא גֶעקוּמֶען, אוּנְד אַ הוֹיט הָאט זֵייא בֶּעדֶעקְט פוּן אוֹיבֶּען, אָבֶּער עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אִין זֵייא קֵיין רוּחַ:

9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, זָאג נְבִיאוּת צוּ דֶעם רוּחַ, זָאג נְבִיאוּת דוּא בֶּן־אָדָם! אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ דֶעם רוּחַ, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, קוּם פוּן דִיא פִיעֶר ווִינְדֶען, אָ רוּחַ, אוּנְד בְּלָאז אוֹיף דִיא דָאזִיגֶע הֲרוּגִים כְּדֵי זֵייא זָאלֶען לֶעבֶּען:

10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ נְבִיאוּת גֶעזָאגְט אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט מִיר גֶעבָּאטֶען, אוּנְד דֶער רוּחַ אִיז אִין זֵייא אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף זֵייעֶרֶע פִים, אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶעס חַיִל:

11 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם, דִיא דָאזִיגֶע בֵּיינֶער זֶענֶען דָאס גַאנְצֶע הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל, זֶעה, זֵייא זָאגֶען אוּנְזֶערֶע בֵּיינֶער זֶענֶען פֶערְדַארְט, אוּנְד אוּנְזֶערֶע הָאפְנוּנְג אִיז פֶערְלוֹירֶען, אוּנְד מִיר זֶענֶען פֶערְשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען:

12 דַארוּם זָאג נְבִיאוּת, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעהְט, אִיךְ וֶועל אוֹיפְמַאכֶען אֵיירֶע קְבָרִים, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען פוּן אֵיירֶע קְבָרִים, אוֹי מֵיין פָאלְק! אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַרֵיינבְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם לַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל:

13 אוּנְד אִיהְר וֶועט ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהוָֹה, וֶוען אִיךְ וֶועל עֶפֶענֶען אֵיירֶע קְבָרִים, אוּנְד וֶוען אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען פוּן אֵיירֶע קְבָרִים, אוֹי מֵיין פָאלְק:

14 אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען מֵיין רוּחַ אִין אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר וֶועט (ווִידֶער) לֶעבֶּעדִיג וֶוערֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ מַאכֶען רוּהֶען אוֹיף אֵייעֶר אֵייגֶען לַאנְד, אוּנְד אִיהְר וֶועט ווִיסֶען אַז אִיךְ יְהוָֹה הָאבּ עֶס גֶערֶעדְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס (אוֹיךְ) גֶעטְהוּן, זָאגְט דֶער הַאר:

15 אוּנְד דָאס ווָארְט פוּן גָאט אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

16 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, נֶעם דִיר אַיין הָאלְץ אוּנְד שְׁרֵייבּ דַארוֹיף פַאר יְהוּדָה אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֵיינֶע חֲבֵרִים, דֶערְנָאךְ נֶעם אַיין אַנְדֶערֶעס הָאלְץ אוּנְד שְׁרֵייבּ דַארוֹיף פַאר יוֹסֵף, דָאס הָאלְץ פוּן אֶפְרַיִם, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל זֵיינֶע חֲבֵרִים:

17 אוּנְד גֶענֶעהְן זֵייא אֵיינְס צוּם
אַנְדֶערְן צוּ אֵיין (שְׁטִיק) הָאלְץ, אוּנְד
זֵייא װֶעלֶען װֶערֶען אֵיינְס אִין דֵיינֶע
הַאנְד ׃
18 אוּנְד װֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דֵיין
פָאלְק װֶעלֶען צוּ דִיר זָאגֶען, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, װִילְסְט דוּא אוּנְס נִיט אָנְזָאגֶען
װָאס דָאס אִיז צוּ דִיר (װָאס דָאס
בֶּעדֵייט) ׃
19 רֶעד צוּ זֵייא, אַזוֹי זָאגְט דֶער
הַאר גָאט, זֶעה, אִיךְ נֶעם דָאס הָאלְץ
פוּן יוֹסֵף װָאס אִיז אִין דִיא הַאנְד פוּן
אֶפְרַיִם, אוּנְד דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל
זֵיינֶע חֲבֵרִים, אוּנְד אִיךְ װֶעל זֵייא
גֶעבֶּען אוֹיף (צוּ) דֶעם הָאלְץ פוּן
יְהוּדָה, אוּנְד אִיךְ װֶעל זֵייא מַאכֶען צוּ
אֵיין הָאלְץ, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען זֵיין
אֵיינְס אִין דֵיינֶע הַאנְד ׃
20 אוּנְד דִיא הֶעלְצֶער אוֹיף װֶעלְכֶע
דוּא הָאסְט גֶעשְׁרִיבֶּען זָאלֶען זֵיין אִין
דֵיינֶע הַאנְד פַאר זֵיירֶע אוֹיגֶען ׃
21 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא רֶעדֶען,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעה, אִיךְ
װֶעל (אַרוֹיס) נֶעמֶען דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל פוּן צְװִישֶׁען דִיא גוֹיִם, אַהִין װוּ
זֵייא זֶענֶען דָארְט אַהִינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
אִיךְ װֶעל זֵייא פֶערְזַאמֶעלְן פוּן רִינְגְס
אַרוּם, אוּנְד אִיךְ װֶעל זֵייא אַרֵיינְ־
בְּרֶענְגֶען אִין זֵייעֶר אֵייגֶען לַאנְד ׃
22 אוּנְד אִיךְ װֶעל זֵייא מַאכֶען פַאר
אֵיין פָאלְק אִין דֶעם לַאנְד אוֹיף דִיא
בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אֵיין מֶלֶךְ
זָאל זֵיין צוּ אַלֶע פַאר אַ מֶלֶךְ, אוּנְד
זֵייא װֶעלֶען נִיט מֶעהְר זֵיין צוּ צְװֵייא
פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען קֵיינְ־
מָאהְל נִיט מֶעהְר צוּטֵיילְט זֵיין
צוּ צְװֵייא קֶענִיגְרֵייכֶען ׃
23 אוּנְד זֵייא װֶעלֶען זִיךְ נִיט מֶעהְר
מְטַמֵּא זֵיין מִיט זֵיירֶע גֶעצֶען אוּנְד
מִיט זֵיירֶע אוּמְװֶערְדִיגְקֵייטֶען, אוּנְד
מִיט אַלֶע זֵיירֶע זִינְד, נֵייעֶרְט אִיךְ
װֶעל זֵייא הֶעלְפֶען פוּן אַלֶע זֵיירֶע
װְאוֹינוּנְגֶען אַװוּ זֵייא הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט,
אוּנְד אִיךְ װֶעל זֵייא רֵיינִיגֶען, אוּנְד
זֵייא װֶעלֶען זֵיין מֵיין פָאלְק, אוּנְד
אִיךְ װֶעל זֵיין זֵייעֶר גָאט ׃
24 אוּנְד מֵיין קְנֶעכְט דָוִד װֶעט זֵיין
אַ מֶלֶךְ אִיבֶּער זֵייא, אוּנְד אֵיין פַּאסְטוּךְ
װֶעט זֵיין אִיבֶּער זֵייא אַלֶע, אוּנְד זֵייא
װֶעלֶען גֵיין אִין מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, אוּנְד
זֵייא װֶעלֶען הִיטֶען מֵיינֶע גֶעזֶעצֶע אוּנְד
זֵייא װֶעלֶען זֵייא טְהוּן ׃
25 אוּנְד זֵייא װֶעלֶען װְאוֹינֶען אִין
דֶעם לַאנְד װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען
צוּ מֵיין קְנֶעכְט, צוּ יַעֲקוֹב, אַװוּ
אֵיירֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען גֶעװְאוֹינְט, זֵייא
װֶעלֶען דַארִין װְאוֹינֶען, יוֹא, זֵייא אוּנְד
זֵיירֶע קִינְדֶער, אוּנְד זֵיירֶע קִינְדֶ'ס
קִינְדֶער, בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג, אוּנְד מֵיין
קְנֶעכְט דָוִד װֶעט זֵיין אַ הַאר (נָשִׂיא)
אִיבֶּער זֵייא אוֹיף אֵייבִּיג ׃
26 אוּנְד אִיךְ װֶעל מִיט זֵייא מַאכֶען
אַ בְּרִית פוּן שָׁלוֹם, עֶס װֶעט זֵיין אֵיין
אֵייבִּיגֶער בְּרִית מִיט זֵייא, אוּנְד אִיךְ
װֶעל זֵייא אַהִינְגֶעבֶּען אוּנְד זֵייא פֶערְ־
מֶעהְרֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל צְװִישֶׁען זֵייא
גֶעבֶּען מֵיין מִקְדָּשׁ אוֹיף אֵייבִּיג ׃
27 אוּנְד מֵיין מִשְׁכָּן װֶעט בֵּייא זֵייא
זֵיין, אוּנְד אִיךְ װֶעל זֵיין זֵייעֶר גָאט,
אוּנְד זֵייא װֶעלֶען זֵיין מֵיין פָאלְק ׃
28 אוּנְד דִיא גוֹיִם װֶעלֶען װִיסֶען אַז
אִיךְ יְהֹוָה הֵיילִיגֶע דִיא יִשְׂרָאֵל, װֶען
מֵיין מִקְדָּשׁ װֶעט זֵיין צְװִישֶׁען זֵייא
אוֹיף אֵייבִּיג ׃



אוּנְד

## קאפיטעל לח

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ
מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 בֶּן־אָדָם, טְהוּא דֵיין פָּנִים קֶעגֶען
גוֹג, פוּן דֶעם לַאנְד מָגוֹג, דֶער הַאר
(נָשִׂיא) פוּן רוֹאשׁ, מֶשֶׁךְ אוּנְד תּוּבָל,
אוּנְד זָאג נְבִיאוּת אִיבֶּער אִיהְם:
3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט
דֶער הַאר גָאט, זֶעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען
דִיר, אוֹי גוֹג, נָשִׂיא פוּן רוֹאשׁ, מֶשֶׁךְ
אוּנְד תּוּבָל:
4 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ צוּרִיקבְּרֶענְגֶען,
אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען אֵייזֶערְנֶע רִינְגֶען
אִין דֵיינֶע קִינְבַּאקֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
דִיךְ אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען, אוּנְד דֵיין גַאנְצֶעס
חַיִל, פֶערְד אוּנְד רֵייטֶער, אַלֶע פוּן
זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעקְלֵייד מִיט אַלֶערְלֵייא
כְּלֵי זַיִן, אַ גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג, מִיט
פַאנְצֶערְם אוּנְד שִׁילְדֶען, אַלֶע וָואס
צִיהֶען אַרוֹיס שְׁוֶוערְדֶען:
5 פָּרַס, כּוּשׁ, אוּנְד פּוּט מִיט זֵייא,
אַלֶע וֶועלֶען זֵיין גֶעוָואפֶּענְט מִיט פַאנְ־
צֶערְם אוּנְד (אֵייזֶערְנֶע) הִיטֶעלְן:
6 גוֹמֶר אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע חַיָילוֹת, דָאס
הוֹיז פוּן תּוֹגַרְמָה פוּן דֶער צָפוֹן־זֵייט
אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע חַיָילוֹת אַרוּם, אוּנְד
פִילֶע פֶעלְקֶער מִיט דִיר:
7 בְּרֵייט דִיךְ אָן, אוּנְד זֵייא אָנְ־
גֶעבְּרֵייט, דוּא, אוּנְד דֵיינֶע גַאנְצֶע
פֶערְזַאמְלוּנְג, וָואס וֶועלֶען זִיךְ מִיט דִיר
פֶערְזַאמְלֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט צוּ זֵייא
זֵיין אַלְס שׁוֹמֵר:
8 (דֵיינֶע זִינְד) פוּן פִילֶע יָאהְרֶען
וֶועלֶען בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען, אִין דִיא
לֶעצְטֶע יָאהְרֶען וֶועסְט דוּא קוּמֶען צוּ
דֶעם לַאנְד וָואס אִיז צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט
גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד וָואס
אִיז פוּן פִילֶע פֶעלְקֶער פֶערְזַאמֶעלְט,
אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס
זֶענֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג װיסְט גֶעוֶועזֶען, אָבֶּער
עֶס אִיז אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען פוּן
דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אַלֶע
ווֹאוינֶען אִין זִיכֶערְהֵייט:
9 דוּא וֶועסְט אַרוֹיפְגֵיין אוּנְד קוּמֶען
אַזוֹי וִויא אַ שְׁטָארֶעם, דוּא וֶועסְט זֵיין
אַזוֹי וִויא אַ וָואלְקֶען כְּדֵי דָאס לַאנְד
צוּ בֶּעדֶעקֶען, דוּא אוּנְד דֵיינֶע גַאנְצֶע
חַיָילוֹת, אוּנְד פִילֶע פֶעלְקֶער מִיט
דִיר:
10 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אוּנְד
עֶס וֶועט זֵיין אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג
וֶועלֶען דִיא וֶוערְטֶער אַרוֹיפְקוּמֶען אוֹיף
דֵיין הַארְץ אוּנְד דוּא וֶועסְט דֶענְקֶען
שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען:
11 אוּנְד דוּא וֶועסְט זָאגֶען, אִיךְ וֶועל
אַרוֹיפְגֵיין צוּ דֶעם אָפֶּענֶעם לַאנְד וָואס
הָאבֶּען קֵיינֶע מוֹיעֶרְן, אוּנְד אִיךְ וֶועל
קוּמֶען אִיבֶּער דִיא רוּהִיגֶע, אוּנְד וָואס
ווֹאוינֶען אִין זִיכֶערְהֵייט, זֵייא ווֹאוינֶען
אַלֶע אָהְנֶע מוֹיעֶרְן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
קֵיינֶע רִיגֶעלְן אוּנְד קֵיינֶע טִירֶען:
12 כְּדֵי צוּ רוֹיבֶּען אוּנְד צוּ פְּלִינְדֶערְן,
אוּנְד דֵיינֶע הַאנְד צוּ קֶעהְרֶען צוּ דִיא
חוּרְבוֹת וָואס זֶענֶען אַצוּנְד בֶּעווֹאוינְט,
אוּנְד צוּ דֶעם פָאלְק וָואס אִיז אֵיינְ־
גֶעזַאמֶעלְט פוּן דִיא פֶעלְקֶער, וָואס
הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעשַׁאפְט בְּהֵמוֹת אוּנְד
אַנְדֶער פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד וָואס ווֹאוינֶען
אִין דֶער מִיטֶע פוּן דֶעם לַאנְד:
13 שְׁבָא אוּנְד דְדָן, אוּנְד דִיא סוֹחֲרִים
פוּן תַּרְשִׁישׁ מִיט אַלֶע יוּנְגֶע לֵייבֶּען
זָאלֶען צוּ דִיר זָאגֶען, בִּיזְט דוּא אַהֶערְ־
גֶעקוּמֶען צוּ רוֹיבֶּען זַאקְרוּב? הָאסְט דוּא
דֶען פֶערְזַאמֶעלְט דֵיינֶע פֶערְזַאמְלוּנְג

כְּדֵי צוּ רוֹיבֶּען ? אַוֶועקְצוּטְרָאגֶען זִילְבֶּער
אוּנְד גָאלְד, אַוֶועקְצוּנֶעמֶען בְּהֵמוֹת
אוּנְד פֶּערְמֶעגֶען, צוּ רוֹיבֶּען אַ גְרוֹיסֶען
זַאקְרוֹיב ?
14 דַארוּם זָאג נְבִיאוּת, דוּא בֶּן־אָדָם,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ גוֹג ; אַזוֹי
זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִין דֶעם טָאג
וֶוען מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל וֶועט אִין
זִיכֶערְהֵייט וְואוֹינֶען זָאלְסְט דוּא עֶס
נִיט וִויסֶען ?
15 אוּנְד דוּא וֶועסְט קוּמֶען פוּן דֵיין
אָרְט פוּן צָפוֹן־זֵייט, דוּא אוּנְד פִילֶע
פֶעלְקֶער מִיט דִיר, אַלֶע וֶועלֶען רֵייטֶען
אוֹיף פֶערְד, אַ גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג
אוּנְד אַ גְרוֹיס חַיִל :
16 אוּנְד דוּא וֶועסְט אַרוֹיפְגֵיין קֶעגֶען
מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אַזוֹי וִויא אַ וָואלְקֶען
כְּדֵי דָאס לַאנְד צוּ בֶּעדֶעקֶען, דָאס
וֶועט זֵיין אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג, אוּנְד
אִיךְ וֶועל דִיךְ אַרֵיינבְּרֶענְגֶען צוּ מֵיין
לַאנְד, כְּדֵי דִיא גוֹיִם זָאלֶען מִיךְ קֶענֶען,
וֶוען אִיךְ וֶועל דוּרְךְ דִיר גֶעהֵיילִיגְט
וֶוערֶען פַאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוֹי גוֹג :
17 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, בִּיזְט
דוּא דֶער פוּן וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט
אִין דִיא פָארְצֵייטִיגֶע טֶעג דוּרְךְ מֵיינֶע
קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס
הָאבֶּען נְבִיאוּת גֶעזָאגְט אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע
טֶעג פַאר יָאהְרֶען צוּרִיק דָאס אִיךְ
וֶועל דִיךְ קֶעגֶען זֵייא בְּרֶענְגֶען ?
18 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אִין דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען טָאג, אִין דֶעם טָאג וֶוען גוֹג
וֶועט קוּמֶען קֶעגֶען דֶעם לַאנְד פוּן
יִשְׂרָאֵל, זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דָאס
אִיךְ וֶועל לָאזֶען אוֹיפְגֵיין מֵיין גְרִימְצָארְן
אִין מֵיין פָּנִים :
19 אוּנְד אִין מֵיינֶע קִנְאָה אוּנְד מִיט
דֶעם פֵייעֶר פוּן מֵיין גְרִימְצָארְן הָאבּ
אִיךְ גֶערֶעט, בֶּאֱמֶת, אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג וֶועט זֵיין אַ גְרוֹיסֶער רַעַשׁ אוֹיף
דֶעם לַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל :
20 אוּנְד פַאר מִיר וֶועלֶען צִיטֶערְן
דִיא פִישׁ פוּן דֶעם יַם, אוּנְד דִיא
פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד דִיא
חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד אַלֶערְלֵייא
וִוידְמוּנְג וָואס וִוידְמֶעט זִיךְ אוֹיף דֶער
עֶרְד, אוּנְד אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ וָואס אִיז
אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד דִיא בֶּערְג וֶועלֶען
אָפְּגֶעבְּרָאכֶען וֶוערֶען, אוּנְד דִיא שְׁטַא־
פֶּעלְן וֶועלֶען אֵיינְפַאלֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶע
מוֹיעֶר וֶועט פַאלֶען צוּ דֶער עֶרְד :
21 אוּנְד אִיךְ וֶועל קֶעגֶען אִיהְם רוּפֶען
אַ שְׁוֶוערְד אִיבֶּער אַלֶע בֶּערְג, זָאגְט
דֶער הַאר גָאט, אוּנְד דָאס שְׁוֶוערְד
וֶועט זֵיין אֵיינֶער קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן :
22 אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיט אִיהְם מִשְׁפָּט'ן
(אִיהְם בֶּעשְׁטְרָאפֶען) מִיט מָארְד, אוּנְד
מִיט בְּלוּט, מִיט אַ פְלֵייצְרֶעגֶען, אוּנְד
מִיט הָאגֶעלשְׁטֵיינֶער, אוּנְד מִיט פֵייעֶר
אוּנְד שְׁוֶועבֶּעל וֶועל אִיךְ אוֹיף אִיהְם
מַאכֶען רֶעגֶענֶען, אוּנְד אוֹיף זֵיינֶע
חַיָילוֹת, אוּנְד אִיבֶּער דִיא פִילֶע פֶעלְקֶער
וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם :
23 אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ גְרוֹיס אוּנְד
גֶעהֵיילִיגְט מַאכֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
בֶּעקַאנְט וֶוערֶען פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן
פִילֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה :

## קאפיטעל לט

1 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, זָאג נְבִיאוּת
אִיבֶּער גוֹג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעה, אִיךְ
בִּין קֶעגֶען דִיר, אוֹי גוֹג, דוּא נָשִׂיא פוּן
רוֹאשׁ, מֶשֶׁךְ אוּנְד תוּבַל :

2 אִיךְ װעל דִיךְ צוּרִיק אוּמְקֶעהְרֶען, אוּנְד אִיךְ װעל דִיךְ נָאר אִיבֶּערְלָאזֶען אַ זֶעקְסְטֶעל (אָדֶער אִיךְ װעל דִיךְ צוּרִיקְצִיהֶען מִיט אַ זֶעקְס שְׁפִּיצִיגֶען הָאקֶען), אוּנְד אִיךְ װעל דִיךְ אַרוֹיפ־בְּרֶענְגֶען פוּן דִיא צָפוֹן־זֵייטֶען, אוּנְד אִיךְ װעל דִיךְ אַהִינבְּרֶענְגֶען אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל:

3 אוּנְד אִיךְ װעל שְׁלָאגֶען דֵיין בּוֹיגֶען אוֹיס דֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד, אוּנְד דֵיינֶע פֵּיילֶען װעל אִיךְ מַאכֶען פַאלֶען אוֹיס דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד:

4 דוּא װעסְט פַאלֶען אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל, דוּא אוּנְד דֵיינֶע גַאנְצֶע חַיִילוֹת, אוּנְד אוֹיךְ דָאס פָאלְק װָאס אִיז מִיט דִיר, אִיךְ הָאבּ דִיךְ אַהִינְגֶעגֶעבֶּען צוּ אַלֶערְלֵייא רוֹיבְּפֵייגֶעל, אוּנְד דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד אוֹיפְצוּפְרֶעסֶען:

5 אוֹיף דֶעם פְרֵייֶען פֶעלְד װעסְט דוּא פַאלֶען, װָארִין אִיךְ הָאבּ עֶס גֶערֶעט, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

6 אוּנְד אִיךְ װעל אוֹיסְשִׁיקֶען אַ פֵייעֶר אִין מָגוֹג, אוּנְד אוּנְטֶער דִיא װָאס װָאוֹינֶען אִין זִיכֶערְהֵייט אִין דִיא אִינְזֶעלְן, אוּנְד זֵייא װעלֶען װִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה:

7 אוּנְד אִיךְ װעל בֶּעקַאנְט מַאכֶען מֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען צְװִישֶׁען מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיךְ װעל נִיט מֶעהְר לָאזֶען מְחַלֵל זֵיין מֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אוּנְד דִיא גוֹיִם װעלֶען װִיסֶען אַז אִיךְ בִּין יְהֹוָה, דֶער הֵיילִיגֶער אִין יִשְׂרָאֵל:

8 זֶעה, עֶס קוּמְט אָן, אוּנְד עֶס אִיז שׁוֹין גֶעשֶׁעהֶען, זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דָאס אִיז דֶער טָאג פוּן װעלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט:

9 אוּנְד דִיא װָאס בֶּעװָאוֹינֶען דִיא שְׁטֶעט פוּן יִשְׂרָאֵל װעלֶען אַרוֹיסְגֵיין, אוּנְד זֵייא װעלֶען אָנְצִינְדֶען אוּנְד פֶערְבְּרֶענֶען דִיא (כְּלֵי זַיִן) װַאפֶען אוּנְד דִיא שִׁילְדֶען, אוּנְד דִיא בּוֹיגֶען אוּנְד דִיא פֵּיילֶען, אוּנְד דִיא שְׁטֶעקֶען װָאס מֶען הַאלְט אִין דֶער הַאנְד אוּנְד דִיא שְׁפִּיזֶען, אוּנְד זֵייא װעלֶען מִיט זֵייא אָנְצִינְדֶען אַ פֵייעֶר זִיבֶּען יָאהְר:

10 אוּנְד זֵייא װעלֶען נִיט מֶעהְר טְרָאגֶען הָאלְץ פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד זֵייא װעלֶען עֶס נִיט בְּרוֹיכֶען צוּ הַאקֶען פוּן דִיא װעלְדֶער, נֵייעֶרְט מֶען װעט אָנְצִינְדֶען פֵייעֶר מִיט דִיא װַאפֶען, אוּנְד זֵייא װעלֶען בֶּערוֹיבֶּען זֵייעֶרֶע רוֹיבֶּערְס אוּנְד פְּלִינְדֶערְן דִיא װָאס הָאבֶּען זֵייא בֶּערוֹיבְּט, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

11 אוּנְד עֶס װעט זֵיין אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אַז אִיךְ װעל דָארְטֶען גֶעבֶּען צוּ גוֹג אֵיין אָרְט װָאס װעט זֵיין פַאר קְבָרִים צְװִישֶׁען יִשְׂרָאֵל, דָאס טְהָאל אַװָאוּ מֶען גֵייט אַרִיבֶּער אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט פוּן דֶעם יַם אוּנְד עֶס װעט (דֶער גֶעשְׁטַאנְק פוּן דִיא פְּגָרִים) פֶערְשְׁטֶעכֶען דִיא נֶעזֶער פוּן דִיא אִיבֶּערְגֵייעֶרְס, אוּנְד דָארְטֶען װעט מֶען בֶּעגְרָאבֶּען גוֹג אוּנְד זֵיין גַאנְצֶע מַאסֶע (חַיִל), אוּנְד זֵייא װעלֶען עֶס רוּפֶען, דָאס טְהָאל פוּן דֶער מַאסֶע (חַיִל) פוּן גוֹג:

12 אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל װעט זֵייא בֶּעגְרָאבֶּען כְּדֵי דָאס לַאנְד צוּ רֵיינִיגֶען זִיבֶּען חֳדָשִׁים:

13 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד װעלֶען זֵייא בֶּעגְרָאבֶּען, אוּנְד



דאס

דָאס וֶועט צוּ זַייא זַיין פַאר אַ (גוּטֶען)
שֵׁם; אַן דֶעם טָאג וֶוען אִיךְ וֶועל
פֶערְהֶערְלִיכְט וֶוערֶען, זָאגְט דֶער הַאר
גָאט:
14 אוּנְד זַייא וֶועלֶען בֶּעשְׁטֶעמְדִיג
אָפְּשֵׁיידֶען מֶענְשֶׁען וָואס וֶועלֶען אִיבֶּערְ־
פָארֶען אִין דֶעם לַאנְד כְּדֵי זַייא זָאלֶען
בֶּעגְרָאבֶּען דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע וָואס
זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעפָארֶען אוֹיף דֶעם פְּרֵייאֶן
לַאנְד, כְּדֵי עֶס צוּ רֵיינִיגֶען, בִּיז צוּ
דֶעם עֶנְד פוּן זִיבֶּען חֳדָשִׁים וֶועלֶען
זַייא פָארְשְׁטֶען:
15 אוּנְד וֶוען אֵיינֶער וֶועט אִיבֶּערְ־
פָּארֶען דוּרְךְ דֶעם לַאנְד אוּנְד עֶר וֶועט
זֶעהֶען אַ בֵּיין פוּן אַ מֶענְשׁ, אַזוֹי זָאל
עֶר דֶערְנֶעבֶּען בּוֹיעֶן אַ צֵייכֶען, בִּיז
דִיא בֶּעגְרֶעבֶּער וֶועלֶען אִיהְם הָאבֶּען
בֶּעגְרָאבֶּען אִין דֶעם טְהָאל פוּן (דֶער
מַאסֶע חַיִל) פוּן גוֹג:
16 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶער שְׁטָאט
זָאל אוֹיךְ זַיין הַמוֹנָה, אוּנְד אַזוֹי וֶועט
דָאס לַאנְד גֶערֵיינִיגְט וֶוערֶען:
17 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, אַזוֹי זָאגְט
דֶער הַאר גָאט, זָאג צוּ אִיטְלִיכֶען
פוֹיגֶעל וָואס הָאט פְּלִיגֶעלֶן, אוּנְד צוּ
אַלֶע חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד, פֶערְזַאמֶעלְט
אֵייךְ אוּנְד קוּמְט אַהֶער, זַאמֶעלְט אֵייךְ
אַיין פוּן רִינְגְס אַרוּם צוּ מֵיינֶע שֶׁעכְטוּנְג
וָואס אִיךְ וֶועל פַאר אֵייךְ שֶׁעכְטֶען, אַ
גְרוֹיסֶע שֶׁעכְטוּנְג אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיהְר וֶועט פְרֶעסֶען
פְלֵייש אוּנְד טְרִינְקֶען בְּלוּט:
18 אִיהְר וֶועט פְרֶעסֶען דָאס פְלֵייש
פוּן דִיא גִבּוֹרִים, אוּנְד אִיהְר וֶועט
טְרִינְקֶען דָאס בְּלוּט פוּן דִיא נְשִׂיאִים
פוּן דֶעם לַאנְד, זַייא זֶענֶען אַלֶע ווִידֶער,
פֶעטֶע שָׁאף אוּנְד בֶּעק, אוּנְד פֶעטֶע
אָקְסֶען פוּן בָּשָׁן:
19 אוּנְד אִיהְר וֶועט עֶסֶען דָאס חֵלֶב
צוּר זֶעטִיגְקֵייט, אוּנְד טְרִינְקֶען זֵייעֶר
בְּלוּט צוּם אַנְשִׁיכּוֹרֶן, פוּן מֵיינֶע שֶׁעכְ־
טוּנְג וָואס אִיךְ וֶועל שֶׁעכְטֶען פַאר אֵייךְ:
20 אוּנְד אִיהְר וֶועט זַאט וֶוערֶען בֵּייא
מֵיין טִישׁ מִיט פֶערְד אוּנְד רֵייטְוֶועגֶען,
מִיט גִבּוֹרִים, אוּנְד אַלֶערְלֵייא מִלְחָמָה־
לֵייט, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:
21 אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען מֵיין כָּבוֹד
אוּנְטֶער דִיא גוֹיִם, אוּנְד אַלֶע גוֹיִם
וֶועלֶען זֶעהֶען מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים וָואס
אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן, אוּנְד ווִיא אִיךְ הָאבּ
מֵיינֶע הַאנְד אַן זַייא גֶעלֵייגְט:
22 אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל
וֶועט ווִיסֶען אַז אִיךְ יְהוָֹה בִּין זֵייעֶר
גָאט, פוּן דֶעם טָאג אָן אוּנְד ווֵייטֶער:
23 אוּנְד דִיא גוֹיִם זָאלֶען ווִיסֶען אַז
ווֶעגֶען זֵיירֶע זִינְד זֶענֶען דָאס הוֹיזְ־
גֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל פֶערטְרִיבֶּען גֶע־
וָוארֶען, ווֵייל זַייא הָאבֶּען קֶענֶען מִיר
גֶעזִינְדִיגְט אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מֵיין פָּנִים
פוּן זַייא בֶּעהַאלְטֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
זַייא אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט אִין דִיא הַאנְד
פוּן זֵיירֶע פֵיינְד, אוּנְד זַייא זֶענֶען אַלֶע
גֶעפַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד:
24 נָאךְ זֵיירֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט אוּנְד
נָאךְ זֵיירֶע פְּשָׁעִים הָאבּ אִיךְ (צוּ) זַייא
גֶעטְהוּן, אוּנְד אִיךְ הָאבּ פוּן זַייא
בֶּעהַאלְטֶען מֵיין פָּנִים:
25 דָארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
אַצוּנְד וֶועל אִיךְ צוּרִיקבְּרֶענְגֶען דִיא
גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד אִיךְ
וֶועל מִיךְ דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער דֶעם
גַאנְצֶען הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
אִיךְ וֶועל מִיךְ נוֹקֵם זַיין וֶועגֶען מֵיין
הֵיילִיגֶען נָאמֶען:

26 אוּנְד זַייא װֶעלֶען טְרָאגֶען זַיירֶע
שַׁאנְד, אוּנְד זַיירֶע גַאנְצֶע זִינְד װָאס
זַייא הָאבֶּען קֶעגֶען מִיר גֶעזִינְדִיגְט,
װֶוען זַייא װֶעלֶען װְאוֹינֶען אִין דֶעם
לַאנְד אִין זִיכֶערְהֵייט, אוּנְד קֵיינֶער
װֶעט זַייא נִיט דֶערשְׁרֶעקֶען:
27 װָוען אִיךְ װֶעל זַייא צוּרִיקבְּרֶענְגֶען
פוּן דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד װֶען אִיךְ װֶעל
זַייא אֵיינְזַאמֶעלְן פוּן דִיא לֶענְדֶער פוּן
זַיירֶע פֵיינְד, אַזוֹי װֶעל אִיךְ אִין זַייא
גֶעהֵיילִיגְט װֶערֶען פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן
פִילֶע פֶעלְקֶער:
28 אוּנְד זַייא װֶעלֶען װִיסֶען אַז אִיךְ
בִּין יְהוָֹה, זַייעֶר גָאט, װָאס אִיךְ הָאבּ
זַייא פֶערטְרִיבֶּען צוּ דִיא גוֹיִם, אָבֶּער
אִיךְ הָאבּ זַייא װִידֶער אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט
צוּ זַייעֶר אֵיינֶען לַאנְד, אוּנְד אִיךְ װֶעל
קֵיינֶעם פוּן זַייא דָארְט נִיט מֶעהְר
אִיבֶּערְלָאזֶען:
29 אוּנְד אִיךְ װֶעל נִיט מֶעהְר מֵיין
פָּנִים פוּן זַייא פֶערְבָּארְגֶען, װֵייל אִיךְ
הָאבּ אוֹיסְגֶעגָאסֶען מֵיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ
אִיבֶּער דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל,
זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

קאפיטעל מ

1 אִין דֶעם פִינְף אוּנְד צְװַאנְצִיגְסְטֶען
יָאהְר פוּן אוּנְזֶער גָלוּת, אִין דֶעם
אָנְהֵייבּ פוּן דֶעם יָאהְר, אִין דֶעם
צֶעהְנְטֶען טָאג פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ, אִין
דֶעם פִירְצֶעהְנְטֶען יָאהְר, נָאכְדֶעם אַז
דִיא שְׁטָאט אִיז גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען,
גְרָאד אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אִיז דִיא
הַאנְד פוּן גָאט אוֹיף מִיר גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ דָארְט אַהִינְ־
גֶעבְּרַאכְט:
2 דוּרְךְ דָאס גֶעזִיכְט (אָדֶער נְבִיאָה)
פוּן גָאט הָאט עֶר מִיךְ אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט
נָאךְ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ
גֶעלָאזְט אוֹיף אַ זֶעהְר הוֹיכֶען בַּארְג,
אוּנְד דַארוֹיף אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא
אַ גֶעבּוֹיעֶטֶע שְׁטָאט פוּן דָרוֹם־זֵייט:
3 אוּנְד װֶען עֶר הָאט מִיךְ דָארְט
אַהִינְגֶעבְּרַאכְט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען
אַ מַאן, זֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט אִיז גֶעוֶועזֶען
אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן (פָּאלִירְ־
טֶעס) קוּפֶּער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט
אִין זֵיינֶע הַאנְד אַ שְׁנוּר פוּן פְּלַאקְס
אוּנְד אַ מֶעסְט־רָאהְר, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם טוֹיעֶר:
4 אוּנְד דֶער מַאן הָאט צוּ מִיר גֶער־
רֶעט, בֶּן־אָדָם, זֶעה מִיט דֵיינֶע אוֹיגֶען,
אוּנְד הֶער מִיט דֵיינֶע אוֹיעֶרְן, אוּנְד
(טְהוּא) נֶעם אוֹיף אִין דֵיין הַארְץ
אַלֶעס װָאס אִיךְ װֶעל דִיר וֵוייזֶען,
וָוארִין כְּדֵי אִיךְ זָאל דִיר דָאס וֵוייזֶען
בִּיזְט דוּא הִיעֶר אַהֶער גֶעבְּרַאכְט
גֶעוָוארֶען, דֶערְצֵייל אַלֶעס װָאס דוּא
זֶעהְסְט צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל:
5 אוּנְד זֶעה, (עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען) אַ
מוֹיעֶר אוֹיסֶעוֵויינִיג פוּן דֶעם בֵּית
הַמִקְדָשׁ, אַרוּם אוּנְד אַרוּם, אוּנְד אִין
דֶער הַאנְד פוּן דֶעם מַאן אִיז גֶעוֶועזֶען
דָאס מֶעסְט־רָאהְר זֶעקְס אֵיילֶען לַאנְג,
נָאךְ דֶער אֵייל אוּנְד אַ הַאנְד בְּרֵייט,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען דִיא בְּרֵייט
פוּן דֶעם גֶעבֵּייד אֵיין רָאהְר, אוּנְד
דִיא הֵייךְ אֵיין רָאהְר:
6 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם
טוֹיעֶר װָאס זֵיין פָּנִים אִיז צוּ דֶעם װֶעג
פוּן מִזְרַח־זֵייט, אוּנְד אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
דוּרְךְ זֵיינֶע טְרֶעפּ, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
מָאסְטֶען דִיא שְׁװֶעלֶען פוּן דֶעם טוֹיעֶר
אִיטְלִיכֶע שְׁװֶעל װַאר אֵיין רָאהְר בְּרֵייט

אונד

7 אוּנְד אִיטְלִיכֶע קְלֵיינֶע קַאמֶער
אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין רָאהְר לַאנְג אוּנְד
אֵיין רָאהְר בְּרֵייט, אוּנְד צְווִישֶׁען דִיא
קַאמֶערְן אִיז גֶעוֶועזֶען פִינְף אֵיילֶען,
אוּנְד אִיטְלִיכֶע שְׁוֶועל פוּן דֶעם טוֹיעֶר
וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען נֶעבֶּען דֶעם פָארְ־
הוֹיז פוּן אִינֶעוֵוייניג אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין
רָאהְר׃
8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען דָאס
פָארְהוֹיז פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן אִינֶעוֵוייניג,
אֵיין רָאהְר׃
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען דָאס
פָארְהוֹיז פוּן דֶעם טוֹיעֶר אַכְט אֵיילֶען,
אוּנְד זֵיינֶע זֵיילֶען צְווֵייא אֵיילֶען, אוּנְד
דָאס פָארְהוֹיז פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן
אִינֶעוֵוייניג׃
10 אוּנְד דִיא (קְלֵיינֶע) קַאמֶערְן פוּן
דֶעם טוֹיעֶר וָואס אִיז צוּ דֶער מִזְרַח־
זֵייט דְרֵייא פוּן דִיא זֵייט אוּנְד דְרֵייא
פוּן יֶענֶער זֵייט, אֵיין מָאס אִיז גֶעוֶועזֶען
צוּ אַלֶע דְרֵייא, אוּנְד דִיא זֵיילֶע הָאבֶּען
גֶעהַאט אֵיין מָאס פוּן דִיא זֵייט אוּנְד
פוּן יֶענֶער זֵייט׃
11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען דִיא
בְּרֵייט פוּן דֶער טִיר פוּן דֶעם טוֹיעֶר
צֶעהְן אֵיילֶען, אוּנְד דִיא לֶענְג פוּן דֶעם
טוֹיעֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דְרֵייצֶעהְן אֵיילֶען׃
12 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ פָאר דִיא
(קְלֵיינֶע) קַאמֶערְן אִיז גֶעוֶועזֶען, אֵיינֶע
אֵייל פוּן דִיזֶער זֵייט אוּנְד אֵיינֶע אֵייל
פוּן יֶענֶער זֵייט, אוּנְד דִיא קְלֵיינֶע
קַאמֶער אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעקְס אֵיילֶען פוּן
דִיזֶער זֵייט אוּנְד זֶעקְס אֵיילֶען פוּן
יֶענֶער זֵייט׃
13 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען דָאס
טוֹיעֶר פוּן דִיא קְלֵיינֶע קַאמֶער, פוּן
דַאךְ צוּ דַאךְ, דִיא בְּרֵייט אִיז גֶעוֶועזֶען
פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג אֵיילֶען אֵיינֶע
טִיר קֶעגֶען דִיא אַנְדֶערֶע טִיר׃
14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט זֵיילֶען
פוּן זֶעכְצִיג אֵיילֶען, בִּיז צוּ דֶער זֵייל
פוּן דֶעם הוֹיף פוּן דֶעם טוֹיעֶר רִינְגְס
אַרוּם׃
15 אוּנְד פַאר דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם
אֵיינְגַאנְג בִּיז פַאר דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶער
אִינֶעוֵוייניגֶער הַאלֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
פִיפְצִיג אֵיילֶען׃
16 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען שְׁמָאלֶע
פֶענְסְטֶער צוּ דִיא קְלֵיינֶע קַאמֶערְן,
אוּנְד צוּ דִיא זֵיילֶען פוּן אִינֶעוֵוייניג צוּ
דֶעם טוֹיעֶר רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד אַזוֹי
אוֹיךְ צוּ דִיא גַאלֶערִיעֶן אוּנְד דִיא
פֶענְסְטֶער רִינְגְס אַרוּם פוּן אִינֶעוֵוייניג,
אוּנְד אוֹיף אִיטְלִיכֶער זֵייל זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען טֵייטֶעל בֵּיימֶער׃
17 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעבְּרַאכְט צוּ
דֶעם אִינֶעוֵוייניגֶען הוֹיף, אוּנְד זֶעה
דָארְט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען קַאמֶערְן, אוּנְד
שְׁטֵיין־פְּלַאסְטֶער אִיז גֶעמַאכְט גֶעוֶועזֶען
צוּ דֶעם הוֹיף רִינְגְס אַרוּם, דְרֵייסִיג
קַאמֶערְן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם
שְׁטֵיין־פְּלַאסְטֶער׃
18 אוּנְד דֶער פְּלַאסְטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען
אַן דֶער זֵייט פוּן דִיא טוֹיעֶרְן גְרַאד
אַזוֹי לַאנְג ווִיא דִיא טוֹיעֶרְן וַוארֶען אִיז
אוֹיךְ דָאס אוּנְטֶערְשְׁטֶע שְׁטֵיין־פְּלַאסְטֶער
גֶעוֶועזֶען׃
19 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען דִיא
בְּרֵייט פוּן דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען טוֹיעֶר
בִּיז פַאר דֶעם אִינֶעוֵוייניגֶען פָארְהוֹיף
פוּן אוֹיסֶעוֵוייניג אִיז גֶעוֶועזֶען הוּנְדֶערְט
אֵיילֶען, נָאךְ דֶער מִזְרַח־זֵייט אוּנְד
נָאךְ דֶער צָפוֹן זֵייט׃
20 אוּנְד דָאס אוֹיסֶעוֵוייניגֶע טוֹיעֶר

וָואס הָאט אויסְגֶעזֶעהֶען נָאךְ צָפוֹן צוּ,
הָאט עֶר גֶעמָאסְטֶען דִיא לֶענְג אוּנְד
דִיא בְּרֵייט דַאפוּן :
21 אוּנְד דִיא זֵייטֶען־קַאמֶערְן דֶערְפוּן
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דְרֵייא פוּן דִיא זֵייט
אוּנְד דְרֵייא פוּן יֶענֶער זֵייט, אוּנְד
זֵיירֶע זֵיילֶען אוּנְד הַאלֶען זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען נָאךְ דֶעם מָאס פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען
טוֹיעֶר, פִּיפְצִיג אֵיילֶען זֵיינֶע לֶענְג אוּנְד
פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג אֵיילֶען זֵיינֶע
בְּרֵייט :
22 אוּנְד זֵיירֶע פֶענְסְטֶער אוּנְד זֵיירֶע
הַאלֶען, אוּנְד זֵיירֶע טֵייטֶעל־בֵּיימֶער
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶעם מָאס פוּן
דֶעם טוֹיעֶר וָואס קֶעהְרְט זִיךְ צוּ דֶער
מִזְרַח־זֵייט צוּ, אוּנְד מֶען אִיז אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען אוֹיף זִיבֶּען טְרֶעפֶּען, אוּנְד
דִיא הַאלֶען דֶערְפוּן זֶענֶען פַאר זֵייא
גֶעוֶועזֶען :
23 אוּנְד דָאס טוֹיעֶר פוּן דֶעם אִינֶעוֶע־
וֵוייניגֶען פָּארְהוֹיף אִיז גֶעוֶועזֶען קֶעגֶענְ־
אִיבֶּער דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶער צָפוֹן־זֵייט
אוּנְד פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט, אוּנְד עֶר
הָאט עֶס גֶעמָאסְטֶען פוּן טוֹיעֶר צוּ
טוֹיעֶר, הוּנְדֶערְט אֵיילֶען :
24 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר מִיךְ גֶעפִיהְרְט
צוּ דֶער דָרוֹם־זֵייט, אוּנְד זֶעה עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ טוֹיעֶר אוֹיף דֶער דָרוֹם־
זֵייט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען זֵיינֶע
זֵיילֶען אוּנְד זֵיינֶע הַאלֶען נָאךְ דֶעם
דָאזִיגֶען מָאס :
25 אוּנְד עֶס הָאט גֶעהַאט פֶענְסְטֶער,
אוּנְד אִין דִיא הַאלֶען רִינְגְס אַרוּם
גְרָאד אַזוֹי וִויא דִיא דָאזִיגֶע פֶענְסְטֶער,
פוּפְצִיג אֵיילֶען דִיא לֶענְג אוּנְד פִינְף
אוּנְד צְוַואנְצִיג אֵיילֶען דִיא בְּרֵייט :
26 עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען טְרֶעפֶּען
אַרוֹיפְצוּגֵיין, אוּנְד זֵיירֶע זֵיילֶען זֶענֶען
פַאר זֵייא גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶס הָאט
גֶעהַאט טֵייטֶעלבֵּיימֶער, אֵיינֶעם פוּן
דִיא זֵייט אוּנְד אֵיינֶעם פוּן יֶענֶע זֵייט
פוּן זֵיינֶע זֵיילֶען :
27 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ טוֹיעֶר
פוּן דֶעם אִינֶעוֵוייניגֶען פָּארְהוֹיף קֶעגֶען
דָרוֹם־זֵייט, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶע־
מָאסְטֶען פוּן טוֹיעֶר צוּ טוֹיעֶר קֶעגֶען
דָרוֹם־זֵייט, הוּנְדֶערְט אֵיילֶען :
28 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט
צוּ דֶעם אִינֶעוֵוייניגֶען פָּארְהוֹיף דוּרְךְ
דֶעם טוֹיעֶר אַן דֶער דָרוֹם־זֵייט, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען דָאס טוֹיעֶר פוּן
דֶער דָרוֹם־זֵייט, נָאךְ דֶעם דָאזִיגֶען
מָאס :
29 אוּנְד דִיא קְלֵיינֶע קַאמֶערְן אוּנְד
זֵיינֶע זֵיילֶען אוּנְד הַאלֶען, זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען נָאךְ דֶעם דָאזִיגֶען מָאס, אוּנְד
עֶס זֶענֶען דַארִין גֶעוֶועזֶען פֶענְסְטֶער
אוּנְד הַאלֶען רִינְגְס אַרוּם, פוּפְצִיג אֵיילֶען
דִיא לֶענְג אוּנְד פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג
אֵיילֶען דִיא בְּרֵייט :
30 אוּנְד דִיא הַאלֶען רִינְגְס אַרוּם
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג
אֵיילֶען לַאנְג אוּנְד פִינְף אֵיילֶען
בְּרֵייט :
31 אוּנְד דִיא הַאלֶען דֶערְפוּן זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען דֶעם אוֹיסֶעוֵוייניגֶען
פָּארְהוֹיף צוּ, אוּנְד עֶס וַוארֶען טֵייטֶעל־
בֵּיימֶער צוּ זֵיינֶע זֵיילֶען, אוּנְד זֵיין
אַרוֹיפְגֵיין הָאט גֶעהַאט אַכְט טְרֶעפֶּען :
32 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט
צוּ דֶעם אִינֶעוֵוייניגְסְטֶען פָּארְהוֹיף,
אוֹיף דֶער מִזְרַח־זֵייט, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעמָאסְטֶען דָאס טוֹיעֶר נָאךְ דֶעם
דָאזִיגֶען מָאס :

33 אוּנְד זַיינֶע קַאמֶערְן אוּנְד זַיילֶען
אוּנְד זַיינֶע הַאלֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
נָאךְ דֶעם דָאזִיגֶען מָאס, אוּנְד עֶס
זֶענֶען דַארִין גֶעוֶועזֶען פֶענְסְטֶער אוּנְד
צוּ זַיירֶע הַאלֶען רִינְגְס אַרוּם פוּפְצִיג
אֵיילֶען לַאנְג אוּנְד פִינְף אוּנְד צְוַאנְצִיג
אֵיילֶען בְּרֵייט׃
34 אוּנְד זַיינֶע הַאלֶען פוּן דֶעם פָארְ־
הוֹיף זֶענֶען גֶעוֶועזֶען נָאךְ אוֹיסֶעוֶוינִיג,
אוּנְד טֵייטֶעלבֵּיימֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
צוּ זַיינֶע זַיילֶען פוּן דִיא זַייט אוּנְד
פוּן יֶענֶער זַייט, אוּנְד זַיין אוֹיפְגַאנְג
הָאט גֶעהַאט אַכְט טְרֶעפֶּען׃
35 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט
צוּ דֶעם טוֹיעֶר פוּן צָפוֹן־זַייט, אוּנְד
עֶר הָאט עֶס גֶעמָאסְטֶען נָאךְ דֶעם
דָאזִיגֶען מָאס׃
36 עֶס הָאט גֶעהַאט קַאמֶערְן זַיילֶען
אוּנְד הַאלֶען אוּנְד פֶענְסְטֶער רִינְגְס
אַרוּם, פוּפְצִיג אֵיילֶען לַאנְג אוּנְד
פִינְף אוּנְד צְוַאנְצִיג אֵיילֶען בְּרֵייט׃
37 אוּנְד זַיינֶע זַיילֶען פוּן דֶעם פָארְ־
הוֹיף זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן אוֹיסֶעוֶוינִיג,
אוּנְד טֵייטֶעלבֵּיימֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
צוּ זַיינֶע זַיילֶען פוּן דִיא זַייט אוּנְד
פוּן יֶענֶע זַייט, אוּנְד זַיין אוֹיפְגַאנְג
הָאט גֶעהַאט אַכְט טְרֶעפֶּען׃
38 אוּנְד דִיא קַאמֶערְן, אוּנְד דִיא
טְהִירֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בַּייא דִיא
טוֹיעֶרְן פוּן דִיא זַיילֶען, אַוְואוּ מֶען
הָאט גֶעוַואשֶׁען דָאס קָרְבָּן עוֹלָה׃
39 אוּנְד אִין דֶער הַאלֶע פוּן דֶעם
טוֹיעֶר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְווייא טִישֶׁען
פוּן דִיא זַייט אוּנְד צְווייא טִישֶׁען פוּן
יֶענֶער זַייט, אוֹיף זַייא צוּ שֶׁעכְטֶען
דָאס קָרְבָּן עוֹלָה, אוּנְד דָאס קָרְבָּן
חַטָאת אוּנְד דָאס קָרְבָּן אָשָׁם׃
40 אוּנְד אַן דֶער זַייט פוּן אוֹיסֶעוֶוינִיג,
וְויא מֶען גֵייט אַרוֹיף צוּ דֶער טְהִיר
פוּן דֶעם טוֹיעֶר אוֹיף דֶער צָפוֹן־זַייט
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְווייא טִישֶׁען, אוּנְד
אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זַייט, וָואס אִיז
בַּייא דֶער הַאלֶע פוּן דֶעם טוֹיעֶר,
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְווייא טִישֶׁען׃
41 פִיעֶר טִישֶׁען פוּן דִיא זַייט, אוּנְד
פִיעֶר טִישֶׁען פוּן יֶענֶער זַייט, אַן
דֶער זַייט פוּן דֶעם טוֹיעֶר, אַכְט
טִישֶׁען, אוֹיף זַייא הָאבֶּען זַייא גֶע־
שָׁאכְטֶען (דִיא קָרְבָּנוֹת)׃
42 אוּנְד פִיעֶר טִישֶׁען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
פוּן גֶעהַאקְטֶע שְׁטֵיינֶער פַאר דֶעם
קָרְבָּן עוֹלָה, דִיא לֶענְג פוּן אִיטְלִיכֶען
אִיז גֶעוֶועזֶען אַנְדֶערְטְהַאלְבּ אֵיילֶען,
אוּנְד דִיא בְּרֵייט אַנְדֶערְטְהַאלְבּ אֵיילֶען,
אוּנְד דִיא הֵייךְ אֵיינֶע אֵייל, אוֹיף זַייא
הָאט מֶען אוֹיךְ אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט דִיא
כֵּלִים מִיט וָואס זַייא הָאבֶּען גֶע־
שָׁאכְטֶען דָאס קָרְבָּן עוֹלָה אוּנְד דָאס
קָרְבָּן זֶבַח׃
43 אוּנְד דְרִינֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אֵייזֶערְנֶע הָאקֶען אַ שְׁפַּאן בְּרֵייט, בֶּע־
פֶעסְטִיגְט רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד אוֹיף דִיא
טִישֶׁען אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס פְלֵיישׁ פוּן
דִיא קָרְבָּנוֹת׃
44 אוּנְד דְרוֹיסֶען פוּן דֶעם אִינֶע־
וַוינִיגְסְטֶען טוֹיעֶר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא
קַאמֶערְן פוּן דִיא זִינְגֶערְס אִין דֶעם
אִינֶעוַוינִיגֶען פָארְהוֹיף וָואס אִיז גֶע־
וֶועזֶען אַן דֶעם טוֹיעֶר פוּן צָפוֹן־זַייט,
אוּנְד דִיא פָארְדֶערֶער זַייט אִיז גֶעוֶועזֶען
קֶעגֶען דָרוֹם, אֵיינֶע אִיז גֶעוֶועזֶען אַן
דֶער זַייט פוּן דֶעם מִזְרָח טוֹיעֶר וָואס
הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט נָאךְ צָפוֹן צוּ׃
45 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,

דִיזֶע קַאמֶער וָואס קֶעהְרְט זִיךְ צוּ דֶער דָרוֹם־זַייט, אִיז פַאר דִיא כֹּהֲנִים וָואס הִיטֶען דִיא הִיטוּנְג פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ׃

46 אוּנְד דִיא קַאמֶער וָואס קֶעהְרְט זִיךְ צוּ דֶער צָפוֹן־זַייט אִיז פַאר דִיא כֹּהֲנִים וָואס הִיטֶען דִיא הִיטוּנְג פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ, זַייא זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן צָדוֹק, פוּן דִיא בְּנֵי לֵוִי, וָואס גֶענֶעהְנֶען זִיךְ צוּ גָאט אִיהְם צוּ בֶּעדִינֶען׃

47 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען דֶעם הוֹיף, הוּנְדֶערְט אֵיילֶען לַאנְג אוּנְד הוּנְדֶערְט אֵיילֶען בְּרֵייט, פִיעֶר עֶקִיג, אוּנְד דֶעם מִזְבֵּחַ (וָואס) אִיז גֶעוֶועזֶען פַאר דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ׃

48 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט צוּ דֶער הַאלֶע פוּן דֶעם הוֹיז, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען דִיא זַיילֶען פוּן דֶער הַאלֶע, פִינְף אֵיילֶען פוּן דִיא זַייט אוּנְד פִינְף אֵיילֶען פוּן יֶענֶער זַייט; אוּנְד דִיא בְּרֵייט פוּן דֶעם טוֹיעֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דְרֵייא אֵיילֶען פוּן דִיא זַייט אוּנְד דְרֵייא אֵיילֶען פוּן יֶענֶער זַייט׃

49 דִיא לֶענְג פוּן דֶער הַאלֶע אִיז גֶעוֶועזֶען צְוַואנְצִיג אֵיילֶען, אוּנְד דִיא בְּרֵייט עֶלְף אֵיילֶען, אוּנְד אוֹיף טְרֶעפֶּען אִיז מֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זַיילֶען בֵּייא דִיא בֵּיי־שְׁטִידְלֶעךְ, אֵיינֶע פוּן דִיא זַייט אוּנְד אֵיינֶע פוּן יֶענֶע זַייט׃

## קאפיטעל מא

1 אוּנְד (דֶערְנָאךְ) הָאט עֶר מִיךְ אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין דֶעם הֵיכָל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען דִיא זַיילֶען, זֶעקְס אֵיילֶען דִיא בְּרֵייט פוּן דִיא זַייט אוּנְד זֶעקְס אֵיילֶען דִיא בְּרֵייט פוּן יֶענֶער זַייט, דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא בְּרֵייט פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט׃

2 אוּנְד דִיא בְּרֵייט פוּן דִיא טְהִיעֶר אִיז גֶעוֶועזֶען צֶעהְן אֵיילֶען, אוּנְד דִיא זַייטֶען פוּן דִיא טְהִיעֶר פִינְף אֵיילֶען פוּן דִיא זַייט אוּנְד פִינְף אֵיילֶען פוּן יֶענֶער זַייט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען דִיא לֶענְג דֶערְפוּן פֶערְצִיג אֵיילֶען אוּנְד דִיא בְּרֵייט צְוַואנְצִיג אֵיילֶען׃

3 אוּנְד עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִינֶעוֵויינִיג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען דִיא זַיילֶען פוּן דֶער טְהִיעֶר צְוֵוייא אֵיילֶען, אוּנְד דִיא טְהִיעֶר זֶעקְס אֵיילֶען, אוּנְד דִיא בְּרֵייט פוּן דִיא טְהִיעֶר זִיבֶּען אֵיילֶען׃

4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען זַיינֶע לֶענְג צְוַואנְצִיג אֵיילֶען, אוּנְד דִיא בְּרֵייט צְוַואנְצִיג אֵיילֶען, פָאר דֶעם הֵיכָל, אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דָאס אִיז דָאס קָדְשֵׁי קָדָשִׁים׃

5 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען דִיא וַואנְד פוּן דֶעם הוֹיז, זֶעקְס אֵיילֶען, אוּנְד דִיא בְּרֵייט פוּן אִיטְלִיכֶע זַייטֶען־קַאמֶערְן, פִיעֶר אֵיילֶען רִינְגְס אַרוּם אוּם דֶעם הוֹיז אַרוּם׃

6 אוּנְד דִיא זַייטֶען־קַאמֶערְן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע קַאמֶער אִיבֶּער דִיא אַנְדֶערֶע קַאמֶער, דְרֵייא אוּנְד דְרֵייסִיג מָאל, אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא וַואנְד וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם הוֹיז פַאר דִיא זַייט־קַאמֶערְן רִינְגְס אַרוּם, כְּדֵי זַייא זָאלֶען אָנְגֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען, אָבֶּער זַייא זָאלֶען נִיט אָנְגֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען אִין דֶער וַואנְד פוּן דֶעם הוֹיז׃

7 אוּנְד עֶס הָאט זִיךְ פֶערבְּרֵייטֶערְט, אוּנְד אַ רוּנְדִיגֶע טְרֶעפּ אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִימֶער הֶעכֶער צוּ דִיא

זייט־קאַמערן, וואָרין דאָס אַרומרינגעלן
פון דעם הויז איז אַימער העכער
אונד העכער געוועזען רינגס אַרום פון
דעם הויז, דארום איז דאָס הויז פון
אויבען ברייטער געוועזען, אונד אַזוי
איז מען אַרויפגעגאַנגען פון דער
אונטערשטען קאַמער צו דער אויי־
בערשטען דורך דיא מיטעלסטע ׃
8 אונד איך האָב אויך געזעהען דיא
היך פון דעם הויז רינגס אַרום, דיא
גרונדען פון דיא זייט־קאַמערן זענען
געוועזען אַ פול מעס־ראָהר פון זעקס
איילען ׃
9 דיא ברייט פון דער וואַנד פון דער
זייט־קאַמער פון אויסעווייניג איז גע־
וועזען פינף איילען, אונד דאָס וואָס
איז איבערגעלאָזט איז געוועזען אַ
פּלאַץ פאר דיא זייט־קאַמערן וואָס
איז אינעווייניג פון דעם הויז ׃
10 אונד צווישען דיא קאַמערן איז
געוועזען אַ ברייט פון צוואַנציג איילען
רינגס אַרום צו דעם בית המקדש
אַרום ׃
11 אונד דיא טהירער פון דיא זייטען־
קאַמער איז געוועזען קעגען דעם
איבערגעלאָזטען פּלאַץ, איינע טהיער
צו צפון־זייט אונד איינע טהיער צו
דרום־זייט, אונד דער ברייטער אָרט
וואָס איז איבערגעלאָזט, איז געוועזען
פינף איילען רינגס אַרום ׃
12 אונד דאָס געביידע וואָס איז גע־
וועזען פאר דעם אָפּגעזונדערטען אָרט,
אַן דעם עק נאָך מערב־זייט, איז
געוועזען זיבעציג איילען ברייט, אונד
דיא וואַנד פון דעם געביידע איז
געוועזען פינף איילען ברייט רינגס
אַרום, אונד זיינע לענג ניינציג איילען ׃
13 אונד ער האָט געמאָסטען דיא
לענג פון דעם הויז הונדערט איילען,
אונד דיא אָפּגעזונדערונג פון דעם גע־
ביידע, אונד איהרע ווענד, הונדערט
איילען לאַנג ׃
14 אונד דיא ברייט פון דעם פּנים
פון דעם הויז אונד דיא אָפּגעזונדערונג
צו דער מזרח־זייט, הונדערט איילען ׃
15 אונד ער האָט געמאָסטען דיא
לענג פון דעם געביידע אַן דער
פאָדערער זייט פון דער אָפּגעזונדערונג,
וואָס איז געוועזען הינטער איהר, אונד
דיא גאַלעריען פון דיא זייט אונד יענע
זייט, הונדערט איילען, מיט דעם
אינעווייניגסטען היכל מיט דיא האַלען
פון דעם פאָרהויף ׃
16 דיא שוועלען, אונד דיא שמאָלע
פענסטער אונד דיא גאַלעריען אַרום
צו אַלע דרייא קעגען דער שוועל איז
געוועזען געבאַלקענד מיט האָלץ אַרום
אונד אַרום, אונד פון דער ערד ביז
צו דיא פענסטער, אונד דיא פענסטער
זענען געוועזען בעדעקט ׃
17 צו דעם (וואָס איז געוועזען) איבער
דער טהיער, אונד ביז צו דעם הויז,
אינעווייניג אונד פון אויסעווייניג, אונד
צו דער גאַנצער וואַנד רינגס אַרום
אינעווייניג אונד אויסעווייניג, נאָך
דעם מאָס ׃
18 אונד עס איז געמאַכט געוועזען
מיט כרובים אונד טייטעלביימער,
אַזוי דאָס אַ טייטעלבוים איז געוועזען
צווישען אַ כרוב אונד אַ כרוב, אונד
איטליכער כרוב האָט געהאַט צווייא
פּענעמער ׃
19 אונד דאָס פּנים פון אַ מענש איז
געוועזען קעגען דעם טייטעלבוים פון

דיא זייט, אונד דאס פנים פון א לייב
קעגען דעם טייטעלבוים פון יענער
זייט, אזוי איז געמאכט געוועזען צו
דעם גאנצען הויז רינגם ארום:
20 פון דער ערד ביז איבער דיא
טהיער זענען געמאכט געוועזען דיא
כרובים אונד דיא טייטעלביימער,
אונד אויך אן דער וואנד פון דעם
היכל:
21 דיא ביישטידלעך פון דעם היכל
זענען געוועזען פיער עקיג, אונד דיא
פארדער זייט פון דעם בית המקדש,
אונד דיא געשטאלט פון איינעם איז
געוועזען אזוי וויא דיא געשטאלט פון
דעם אנדערן:
22 דער מזבח איז געוועזען פון האלץ,
דרייא איילען הויך אונד צוויא איילען
לאנג, אונד זיינע עקען דערפון, אונד
זיינע לענג, אונד זיינע ווענד זענען
געוועזען פון האלץ; אונד ער האט
צו מיר געזאגט, דאס איז דער טיש
וואס איז פאר גאט:
23 אונד דער היכל אונד דאס בית
המקדש האבען געהאט צוויא טהירען:
24 אונד איטליכע טהיער האט געהאט
צוויא האלבע טהירען וואס האבען
זיך ארומגעדרייט, צוויא האלבע
טהירען ווארען צו איטליכע טהיער צו
איינע אונד צו דיא אנדערע:
25 אונד עס ווארען אן זייא געמאכט,
אן דיא טהירען פון דעם היכל כרובים
אונד טייטעלביימער, אזוי וויא עס
וואר געמאכט צו דיא ווענד, אונד א
דיקער האלצערנער באלקען איז גע־
וועזען פארענט אין דער האלע פון
אויסעווייניג:
26 אונד עס זענען געוועזען שמאלע
פענסטער אונד טייטעלביימער פון
דיא זייט אונד פון יענער זייט אן דיא
זייטען פון דער האלע, אונד אן דיא
זייטען פון דעם הויז אונד דיא דיקע
באלקען:

## קאפיטעל מב

1 אונד ער האט מיך ארויסגעבראכט
צו דעם אויסעווייניגסטען הויף אויף
דעם וועג פון צפון־זייט, אונד ער
האט מיך אריינגעבראכט אין דיא
קאמער וואס איז געוועזען קעגענ־
איבער דעם אפגעזונדערטען ארט
אונד קעגען דעם געביידע אן דער
צפון־זייט:
2 פאר דער לענג פון הונדערט
איילען איז געוועזען דיא צפון־זייט
טהיער, אונד דיא ברייט איז געוועזען
פופציג איילען:
3 קעגענאיבער דיא צוואנציג (איילען)
וואס איז געוועזען פאר דעם אינער־
ווייניגסטען הויף, אונד איבער דעם
פלאסטער וואס איז געוועזען פאר
דעם אויסעווייניגען הויף, וואר א
גאלעריע אויף א גאלעריע געדריטעלט:
4 אונד פאר דיא קאמערן איז געוועזען
א גאנג פון צעהן איילען ברייט, פון
אינעווייניג א וועג פון איינע איילע,
אונד זייערע טירען ווארען קעגען צפון־
זייט:
5 אונד דיא אויבערשטע קאמערן
זענען געוועזען קורצער ווייל דיא
גאלעריען האבען פון זייא פלאץ פער־
נומען, ווייל דיא אונטערשטע זענען
העכער געוועזען פון דיא מיטעלסטע
פון דעם געביידע:
6 ווארין זייא זענען געוועזען גע־
דריטעלט, אונד זייא האבען ניט

גֶעהַאט קֵיינֶע זֵיילֶען אַזוֹי וִויא דִיא
זֵיילֶען פוּן דִיא פָארְהוֹיף, דַארוּם זֶענֶען
זֵייא שְׁמָאלֶער גֶעוֶועזֶען וִויא דִיא
אוּנְטֶערשְׁטֶע אוּנְד דִיא מִיטֶעלְסְטֶע
פוּן דֶער עֶרְד אָן:

7 אוּנְד דִיא וַואנְד וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
פוּן אוֹיסֶעוֵוייניג קֶעגֶענְאִיבֶּער דִיא
קַאמֶערְן פוּן דֶעם אוֹיסֶעוֵוייניגְסְטֶען
הוֹיף פָאר דִיא קַאמֶערְן אִיז גֶעוֶועזֶען
פוּפְצִיג אֵיילֶען לַאנְג:

8 וָוארִין דִיא לֶענְג פוּן דִיא קַאמֶערְן
וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם אוֹיסֶע־
וֵוייניגְסְטֶען הוֹיף וַוארֶען פוּפְצִיג אֵיילֶען,
אוּנְד זֶעה, פַאר דֶעם הֵיכָל אִיז גֶעוֶועזֶען
הוּנְדֶערְט אֵיילֶען:

9 אוּנְד פוּן אוּנְטֶער דִיא דָאזִיגֶע
קַאמֶערְן אִיז מֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען פוּן
מִזְרַח־זֵייט, וֶוען מֶען גֵייט אַרֵיין צוּ זֵייא
פוּן דֶעם אוֹיסֶעוֵוייניגְסְטֶען הוֹיף:

10 אִין דֶער בְּרֵייט פוּן דֶער מוֹיעֶר
פוּן דֶעם הוֹיף אוֹיף דֶער מִזְרַח־זֵייט
פַאר דֶעם אָפְּגֶעזוּנְדֶערְטֶען אָרְט אוּנְד
פַאר דֶעם גֶעבֵּייֶדע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
קַאמֶערְן:

11 אוּנְד דֶער וֶועג פָאר זֵייא הָאט
אוֹיסְגֶעזֶעהֶען וַויא דִיא קַאמֶערְן וָואס
זֶענֶען אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן צָפוֹן־זֵייט,
אַזוֹי וִויא זֵייעֶרֶע לֶענְג אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי
וַואר אוֹיךְ זֵייעֶרֶע בְּרֵייט, אוּנְד אַלֶע
זֵייעֶרֶע אוֹיסְגֶענְג זֶענֶען גֶעוֶועזֶען נָאךְ
זֵייעֶרֶע מִשְׁפָּטִים אוּנְד נָאךְ זֵייעֶרֶע טִירֶען:

12 אוּנְד אַזוֹי וִויא דִיא טִירֶען פוּן
דִיא קַאמֶערְן אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן
דָרוֹם־זֵייט, אִיז (אוֹיךְ) גֶעוֶועזֶען אַ
טִיעֶר אִין דֶעם אָנְהֵייב פוּן דֶעם וֶועג,
אִין דֶעם וֶועג גְרָאד פַאר דֶער מוֹיעֶר
אוֹיף דֶער מִזְרַח־זֵייט, אַוְואוּ מֶען קוּמְט
אַרֵיין:

13 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
דִיא צָפוֹן־זֵייט קַאמֶערְן אוּנְד דִיא
דָרוֹם־זֵייט קַאמֶערְן וָואס זֶענֶען פַאר
דֶעם אָפְּגֶעזוּנְדֶערְטֶען אָרְט, זֵייא זֶענֶען
דִיא הֵיילִיגֶע קַאמֶערְן, אַוְואוּ דִיא
כּוֹהֲנִים וָואס גֶענֶעהֶענֶען זִיךְ צוּ גָאט
זָאלֶען דָארְטֶען עֶסֶען דִיא אַלֶער הֵיי־
לִיגְסְטֶע זַאכֶען, אוּנְד דָארְטֶען זָאלֶען
אַהִינְגֶעלֵייגְט וֶוערֶען דִיא אַלֶער הֵיילִיגְ־
סְטֶע זַאכֶען, אוּנְד דָאס קָרְבָּן מִנְחָה,
אוּנְד דָאס קָרְבָּן חַטָּאת, אוּנְד דָאס
קָרְבָּן אָשָׁם, וָוארִין דֶער אָרְט אִיז
הֵיילִיג:

14 וֶוען דִיא כּוֹהֲנִים קוּמֶען אַרֵיין,
אַזוֹי זָאלֶען זֵייא נִיט וִוידֶער אַרוֹיסְגֵיין
פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט צוּ דֶעם
אוֹיסֶעוֵוייניגְסְטֶען הוֹיף, נֵייעֶרְט דָארְט
זָאלֶען זֵייא אַנִידֶערְלֵייגֶען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער
מִיט וֶועלְכֶע זֵייא דִינֶען, וָוארִין זֵייא
זֶענֶען הֵיילִיג, אוּנְד זֵייא זָאלֶען אָנְטְהוּן
אַנְדֶערֶע קְלֵיידֶער וֶוען זֵייא גֶענֶעהֶענֶען
זִיךְ צוּ דֶעם וָואס גֶעהֶערְט צוּ דֶעם
פָאלְק:

15 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעמַאכְט אֵיין
עֶנְד צוּ מֶעסְטֶען דָאס אִינֶעוֵוייניגְסְטֶע
הוֹיז, אַזוֹי הָאט עֶר מִיךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט
אוֹיף דֶעם וֶועג וָואס אִיז פָאר דֶעם
מִזְרַח־וֶועג, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶע־
מָאסְטֶען רִינְגְס אַרוּם:

16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען דִיא
מִזְרַח־זֵייט מִיט דֶעם מֶעסְט־רָאהְר,
פִינְף הוּנְדֶערְט רָאהְרֶען, מִיט דֶעם
מֶעסְט־רָאהְר רִינְגְס אַרוּם:

17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען דִיא
צָפוֹן־זֵייט פִינְף הוּנְדֶערְט רָאהְרֶען,
מִיט דֶעם מֶעסְט־רָאהְר רִינְגְס אַרוּם:

18 אוּנְד דִיא דְרוֹם־זַייט הָאט עֶר
גֶעמָאסְטֶען פִינְף הוּנְדֶערְט רָאהְרֶען
מִיט דֶעם מֶעסְט־רָאהְר:
19 עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעדְרַייט צוּ דֶער
מַעֲרָב־זַייט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען
פִינְף הוּנְדֶערְט רָאהְרֶען מִיט דֶעם
מֶעסְט־רָאהְר:
20 עֶר הָאט עֶס גֶעמָאסְטֶען אַן דִיא
פִיעֶר זַייטֶען, עֶס הָאט גֶעהַאט אַ
מוֹיעֶר רִינְגְס אַרוּם, פִינְף הוּנְדֶערְט
(רָאהְרֶען) אִין דִיא לֶענְג אוּנְד פִינְף
הוּנְדֶערְט אִין דִיא בְּרַייט, אָפְּצוּשֵׁיידֶען
צְוִוישֶׁען דֶעם הֵיילִיגֶען אוּנְד דֶעם
אוּמְהֵיילִיגֶען:

## קאפיטעל מג

1 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַהִינְגֶעפִיהְרְט
צוּ דֶעם טוֹיעֶר, דָאס טוֹיעֶר וָואס
קֶעהְרְט זִיךְ קֶעגֶען מִזְרַח־זַייט:
2 אוּנְד זֶעה, דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם
וֶועג פוּן דֶער מִזְרַח־זַייט, אוּנְד זַיין
קוֹל אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא דָאס קוֹל
פוּן פִילֶע וַואסֶערְן, אוּנְד דִיא עֶרְד
הָאט גֶעשַׁיינְט פוּן וֶועגֶען זַיין כָּבוֹד:
3 אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט (מַרְאֶה) אִיז
גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, גְרָאד אַזוֹי
וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען וֶוען אִיךְ בִּין אַרַיינְגֶעקוּמֶען
דִיא שְׁטָאט צוּ פֶערְדַארְבֶּען, אוּנְד גֶע־
שְׁטַאלְטֶען וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט וָואס
אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען בַּייא דֶעם טַייךְ
כְּבָר, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעפַאלֶען אוֹיף
מַיין פָּנִים:
4 אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן גָאט אִיז
אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ
דוּרְךְ דֶעם וֶועג פוּן דֶעם טוֹיעֶר וָואס
קֶעהְרְט זִיךְ אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן
מִזְרַח־זַייט:
5 אוּנְד דֶער רוּחַ (הַקוֹדֶשׁ) הָאט מִיךְ
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד הָאט מִיךְ אַרַיינְ־
גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם אִינֶעוֵוייניגְסְטֶען
הוֹיף, אוּנְד זֶעה, דֶער כָּבוֹד פוּן גָאט
הָאט פוּל גֶעמַאכְט דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ:
6 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דֶעם וָואס
הָאט מִיט מִיר גֶערֶעדט פוּן דֶעם בֵּית
הַמִקְדָשׁ, אוּנְד אֵיין מַאן אִיז גֶעבֶּען
מִיר גֶעשְׁטַאנֶען:
7 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
בֶּן־אָדָם, דָאס אִיז דֶער אָרְט פוּן מֵיין
טְרוֹין־שְׁטוּהְל, אוּנְד דֶער אָרְט פַאר
דִיא טְרִיט פוּן מֵיינֶע פִיס וָואס אִיךְ
וֶועל דָארְטֶען וְואוֹינֶען צְוִוישֶׁען דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוֹיף אֵייבִּיג, אוּנְד
דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועט נִיט
מֶעהְר מְטַמֵא זַיין מֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען,
נִיט זֵייא אָדֶער זֵיירֶע מְלָכִים מִיט
זֵייעֶר זְנוּת אוּנְד מִיט דִיא פְּגָרִים פוּן
זֵיירֶע מְלָכִים אוּנְד מִיט זֵיירֶע בָּמוֹת:
8 אִין דֶעם זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט
זֵיירֶע שְׁוֶועל בַּייא מֵיינֶע שְׁוֶועל אוּנְד
זֵיירֶע מְזוּזוֹת בַּייא מֵיינֶע מְזוּזָה, אוּנְד
עֶס אִיז נָאר גֶעוֶועזֶען אַ וַואנְד צְוִוישֶׁען
מִיר אוּנְד צְוִוישֶׁען זֵייא, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען מְטַמֵא גֶעוֶועזֶען מֵיין הֵיילִיגֶען
נָאמֶען, דוּרְךְ זֵיירֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים
וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן, דַארוּם הָאבּ
אִיךְ זֵייא פֶערְלֶענְט מִיט מֵיין צָארְן:
9 אַצוּנְד לָאזֶען פוּן מִיר דֶערְוַוייטֶערְט
וֶוערֶען זֵייעֶר זְנוּת, אוּנְד דִיא פְּגָרִים
פוּן זֵיירֶע מְלָכִים, אוּנְד אִיךְ וֶועל
צְוִוישֶׁען זֵייא וְואוֹינֶען אוֹיף אֵייבִּיג:
10 דוּא בֶּן־אָדָם צֵייג צוּ דֶעם הוֹיזְ־
גֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ,

כְּדֵי זֵייא זָאלֶען זִיךְ שֶׁעמֶען פוּן װֶעגֶען
זֵייעֶרֶע זִינְד, אוּנְד זֵייא לָאזֶען אָפְּמֶעסְטֶען
דָאס מוּסְטֶער׃
11 אוּנְד װֶען זֵייא װֶעלֶען זִיךְ שֶׁעמֶען
פוּן װֶעגֶען אַלֶעם װָאס זֵייא הָאבֶּען
גֶעטְהוּן, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא
װֵייזֶען דָאס מוּסְטֶער פוּן דֶעם בֵּית
הַמִּקְדָּשׁ, אוּנְד דִיא קַאמֶערְן אוּנְד דִיא
אוֹיסְגֶענְג אוּנְד אֵיינְגֶענְג, אוּנְד אַלֶע
זֵיינֶע פָארְמֶען (בִּילְדֶער פוּן דִיא כְּרוּבִים),
אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד אַלֶע
זֵיינֶע פָארְמֶען, אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע לֶערְנוּנְג,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס פַאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען
אוֹיפְשְׁרֵייבֶּען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען הִיטֶען
דִיא גַאנְצֶע פָארְם דֶערְפוּן, מִיט אַלֶע
זֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זֵייא
טְהוּן׃
12 דָאס אִיז דִיא תּוֹרָה פוּן דֶעם בֵּית
הַמִּקְדָּשׁ, אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם
בַּארְג זָאל זֵיינֶע גְרֶענֶעץ רִינְגְס אַרוּם
זֵיין גַאנְץ הֵיילִיג; זֶעה, דָאס אִיז דִיא
לֶערְנוּנְג פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ׃
13 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא
מָאסֶען פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ נָאךְ דֶער אֵייל,
דִיא אֵייל אִיז אֵיינֶע אֵייל אוּנְד אַ שְׁפַּאן
בְּרֵייט, אוּנְד דֶער גְרוּנְד זָאל זֵיין אֵיינֶע
אֵייל, אוּנְד דִיא בְּרֵייט אֵיינֶע אֵייל,
אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ דֶערְפוּן בֵּייא דֶעם
זוֹים (אָדֶער עֶק) רִינְגְס אַרוּם זָאל זֵיין
אֵיין שְׁפַּאן, אוּנְד דָאס זָאל זֵיין דִיא
הֵייךְ פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ׃
14 אוּנְד פוּן דֶעם גְרוּנְד פוּן דֶער
עֶרְד אָן בִּיז צוּ דֶער אוּנְטֶערְשְׁטֶע
עֲזָרָה זָאל זֵיין צְװֵייא אֵיילֶען, אוּנְד
דִיא בְּרֵייט אֵיינֶע אֵייל, אוּנְד פוּן דֶער
קְלֵיינֶער עֲזָרָה בִּיז צוּ דֶער גְרוֹיסֶער
עֲזָרָה זָאל זֵיין פִיעֶר אֵיילֶען, אוּנְד (דִיא
בְּרֵייט) אֵיינֶע אֵייל׃
15 אוּנְד דֶער פִיעֶר פְּלַאץ (פוּן דֶעם
מִזְבֵּחַ) זָאל זֵיין פִיעֶר אֵיילֶען, אוּנְד פוּן
דֶעם פִיעֶר פְּלַאץ אוּנְד דַארִיבֶּער
זָאלֶען זֵיין פִיעֶר הֶערְנֶער׃
16 אוּנְד דֶער פִיעֶר פְּלַאץ זָאל זֵיין
צְװֶעלְף אֵיילֶען לַאנְג אוּנְד צְװֶעלְף
אֵיילֶען בְּרֵייט, פִיעֶר עֶקִיג אַן זֵיינֶע
פִיעֶר זֵייטֶען׃
17 אוּנְד דִיא עֲזָרָה זָאל זֵיין פִיעֶר־
צֶעהֶן אֵיילֶען לַאנְג, אוּנְד פִיעֶרְצֶעהֶן
אֵיילֶען אִין דִיא בְּרֵייט צוּ דִיא פִיעֶר
זֵייטֶען, אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ דֶערְפוּן
אַרוּם אַ הַאלְבֶּע אֵייל, אוּנְד דֶער גְרוּנְד
דֶערְפוּן זָאל זֵיין אֵיינֶע אֵייל אַרוּם,
אוּנְד דִיא טְרֶעפֶּען דֶערְפוּן זָאלֶען זֵיין
קֶעגֶען מִזְרַח־זֵייט׃
18 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
בֶּן־אָדָם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעזֶעץ פוּן דֶעם
מִזְבֵּחַ, אִין דֶעם טָאג װֶען מֶען װֶעט
אִיהְם מַאכֶען אוֹיף אִיהְם אוֹיפְצוּבְּרֶענְגֶען
דָאס קָרְבָּן עוֹלָה, אוּנְד אוֹיף אִיהְם צוּ
שְׁפְּרִינְקֶעלְן דָאס בְּלוּט׃
19 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען צוּ דִיא
כּוֹהֲנִים דִיא לְוִיִם, װָאס זֶענֶען פוּן דֶעם
זָאמֶען פוּן צָדוֹק, װָאס גֶענֶעהֶנֶען זִיךְ
צוּ מִיר, זָאגְט דֶער הַאר גָאט, כְּדֵי
מִיר צוּ דִינֶען, אַ יוּנְגֶען אָקְס פַאר אַ
קָרְבָּן חַטָּאת׃
20 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען פוּן דֶעם
בְּלוּט אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס גֶעבֶּען אוֹיף
דִיא פִיעֶר הֶערְנֶער אוּנְד אוֹיף דִיא
פִיעֶר װִינְקֶעלְן פוּן דֶער עֲזָרָה, אוּנְד
צוּ דִיא גְרֶענֶעץ רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד
אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אִיהְם רֵיינִיגֶען אוּנְד
אִיהְם מְכַפֵּר זֵיין׃



אוּנְד

21 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען דֶעם אָקְס פוּן דֶעם קָרְבָּן חַטָאת אוּנְד אִיהְם פֶּערבְּרֶענֶען, בֵּייא אֵיין בֶּעשְׁטִימְטֶען אָרְט, פוּן אוֹיסֶעוֶוענִיג פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ׃

22 אוּנְד אִין דֶעם צְווֵייטֶען טָאג זָאלְסְט דוּא מַקְרִיב זַיין אַ צִיגֶענְבֶּעקְעל אָהְן אַ מוּם פַאר אַ קָרְבָּן חַטָאת, אוּנְד דוּא זָאלְסְט רֵיינִיגֶען דֶעם מִזְבֵּחַ אַזוֹי וִויא מֶען הָאט אִיהְם גֶערֵיינִיגְט מִיט דֶעם אָקְס׃

23 אוּנְד וֶוען דוּא הָאסְט פֶערְלֶענְט צוּ רֵיינִיגֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא מַקְרִיב זַיין אַ יוּנְגֶען אָקְס אָהְן אַ מוּם, אוּנְד אַ ווִידֶער פוּן דִיא שָׁאף אָהְן אַ מוּם׃

24 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא מַקְרִיב זַיין צוּ פַאר גָאט, אוּנְד דִיא כּוֹהֲנִים זָאלֶען אוֹיף זֵייא וַוארְפֶען זַאלְץ, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זֵייא מַקְרִיב זַיין אַלְס אַ קָרְבָּן עוֹלָה צוּ גָאט׃

25 זִיבֶּען טֶעג זָאלְסְט דוּא מַאכֶען אַ צִיקֶעלֶע פַאר אַ קָרְבָּן חַטָאת, אִיטְלִיכֶען טָאג, אוּנְד אַ יוּנְגֶען אָקְס אוּנְד אַ ווִידֶער פוּן דִיא שָׁאף, אָהְן אַ פֶּעהְלֶער זָאלֶען זֵייא זַיין׃

26 זִיבֶּען טֶעג זָאל מֶען דֶעם מִזְבֵּחַ מְכַפֵּר זַיין אוּנְד אִיהְם רֵיינִיגֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען דִיא הֶענְד פוּל מַאכֶען׃

27 אוּנְד וֶוען דִיא טֶעג וֶועגֶען פֶּערְלֶענְט, — אַזוֹי זָאלֶען דִיא כּוֹהֲנִים אִין דֶעם אַכְטֶען טָאג אוּנְד דַארִיבֶּער מַאכֶען אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ אֵיירֶע קָרְבָּן עוֹלוֹת אוּנְד אֵיירֶע שְׁלָמִים, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ בֶּעווִילִיגֶען זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃

## קאפיטעל מד

1 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם אוֹיסֶעוֶוענִיגְסְטֶען בֵּית הַמִקְדָשׁ, וָואס הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט צוּ מִזְרַח־זַייט, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פֶּערשְׁלָאסֶען׃

2 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דָאס דָאזִיגֶע טוֹיעֶר זָאל זַיין צוּגֶע־שְׁלָאסֶען, עֶס זָאל נִיט אוֹיפְגֶעמַאכְט וֶוערֶען, אוּנְד קֵיין מֶענְשׁ זָאל נִיט דוּרְךְ דָאס זֶעלְבֶּע אַרֵיינְקוּמֶען, ווייל (נָאר) יְהוָֹה, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז דַארוּרְךְ אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, דַארוּם זָאל עֶס צוּגֶעשְׁלָאסֶען זַיין׃

3 עֶס אִיז פַאר דֶעם נָשִׂיא, ווייל עֶר אִיז אַ נָשִׂיא, עֶר מֶעג דַארִין זִיצֶען כְּדֵי בְּרוֹיט צוּ עֶסֶען פַאר גָאט, עֶר זָאל אַרֵיינְקוּמֶען אִין דִיא הַאלֶע דוּרְךְ דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד עֶר זָאל אוֹיף דֶעמְ־זֶעלְבִּיגֶען וֶועג אַרוֹיסְגֵיין׃

4 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעבְּרַאכְט אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶעם צָפוֹן טוֹיעֶר פַאר דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה, דֶער כָּבוֹד פוּן יְהוָֹה הָאט פוּל גֶעמַאכְט דָאס הוֹיז פוּן גָאט; אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעפַאלֶען אוֹיף מֵיין פָּנִים׃

5 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם נֶעם עֶס אוֹיף אִין דֵיין הַארְץ, אוּנְד זֶעה מִיט דֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד הֶער מִיט דֵיינֶע אוֹירֶען אַלֶעס וָואס אִיךְ וֶועל מִיט דִיר רֶעדֶען וֶועגֶען אַלֶע גֶעזֶעצֶע פוּן גָאטְ'ס הוֹיז, אוּנְד וֶועגֶען אַלֶע זֵיינֶע לֶערְנוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס אוֹיפְנֶעמֶען אִין דֵיין הַארְץ, דָאס אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז, אוּנְד מִיט אַלֶע אוֹיסְגֶענְג פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ׃

6 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ דֶעם

ווידערשפּעניגען פּאלק, צו דעם הויז־
געזינד פון ישראל, אזוי זאגט דער
האר גאט, אוי דוא הויזגעזינד פון
ישראל, איהר האט שוין גענוג געהאט
פון אלע אייערע אומווערדיגע מעשים !
7 מיט דעם וואס איהר האט אריינ־
געבּרענגט פרעמדע קינדער וואס האבּען
אומבּעשניטענע הערצער אונד זענען
אומבּעשניטען אין פלייש אז זייא זאלען
זיין אין מיין בית המקדש, כדי מחלל
צו זיין מיין הויז, ווען איהר האט
מקריב געוועזען מיינע שפּייז־אָפּפער,
דאס חלב אונד בלוט, אונד זייא
האבּען (דערמיט) צושטערט מיין
ברית וועגען אלע אייערע אומווערדיגע
מעשים :
8 אונד איהר האט ניט געהיט דיא
היטונג פון מיינע הייליגקייטען, גייערט
איהר האט אייך אליין אנגעשטעלט
היטערס צו היטען אין מיין בית
המקדש :
9 אזוי זאגט דער האר גאט, קיין
פרעמדער וואס האט איין אומבּעשניטען
הארץ אדער איז אומבּעשניטען אין
דעם פלייש זאל ניט אריינקומען אין
מיין בית המקדש, פון איטליכען
פרעמדען וואס איז צווישען דיא קינדער
ישראל :
10 גייערט נאר דיא לוים וואס האבּען
זיך דערווייטערט פון מיר ווען דיא
ישראל האבּען זיך פּעראירט, וואס
זייא האבּען געאירט פון אפּ מיר נאכצו־
גיין זייערע אָפּגעטער, אונד זייא זאלען
ליידען פאר זייערע זינד :
11 דאך זאלען זייא זיין אלס משרתים
אין מיין בית המקדש, אנגעשטעלט
בּייא דיא טויערן פון דעם הויז אונד
משרתים פון דעם הויז, זייא זאלען
שעכטען דאס קרבן עולה אונד דיא
אנדערע קרבנות פון דעם פאלק, אונד
זייא זאלען שטיין פאר זייא צו
בּעדינען :
12 ווייל זייא האבּען צו זייא געדינט
פאר זייערע געצען, אונד זייא זענען
געוועזען צו א שטרויכלונג פון זינד
צו דעם הויזגעזינד פון ישראל, דארום
האב איך אויפגעהויבּען מיינע האנד
קעגען זייא זאגט דער האר גאט,
דאס זייא זאלען ליידען פאר זייערע
זינד :
13 אונד זייא זאלען זיך ניט צו מיר
גענעהענען כוהנים צו מיר צו זיין,
אויך ניט צו גענעהענען אין קיינערלייא
פון מיינע הייליגקייטען אונד מכל
שבן אין דעם קדשי קדשים, אונד
זייא זאלען ליידען פאר זייערע שאנד
אונד פאר דיא אומווערדיגע מעשים
וואס זייא האבּען געטהון :
14 אבּער איך וועל מאכען אז זייא
זאלען היטען דיא היטונג פון דעם
הויז פאר דעם גאנצען דינסט וואס
זאל דארין געטהון ווערען :
15 אונד דיא כוהנים דיא לוים, דיא
זיהן פון צדוק, וואס האבּען געהיט
דיא היטונג פון מיינע הייליגקייטען
ווען דיא קינדער ישראל האבּען גע־
אירט פון מיר, זייא זאלען זיך צו
מיר גענעהענען כדי מיך צו דינען,
אונד זייא זאלען שטיין פאר מיר
מקריב צו זיין דאס חלב אונד דאס
בּלוט, זאגט דער האר גאט :
16 זייא זאלען אריינקומען צו מיין
בית המקדש, אונד זייא זאלען זיך
גענעהענען צו מיין טיש מיר צו דינען,

אונד

אוּנְד זֵייא זָאלֶען הִיטֶען מֵיינֶע הִיטוּנְג׃

17 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, וֶוען זֵייא וֶועלֶען אַרַיינְקוּמֶען צוּ דִיא טוֹיעֶרְן פוּן דֶעם אִינֶעוֶויינִיגְסְטֶען הוֹיף אַזוֹי זָאלֶען זֵייא זִיךְ אָנְקְלֵיידֶען מִיט לֵיינֶענֶע קְלֵיידֶער, אָבֶּער קֵיינֶע וָואל זָאל אוֹיף זֵייא קוּמֶען וֶוען זֵייא דִינֶען אִין דִיא טוֹיעֶרְן פוּן דֶעם אִינֶעוֶויינִיגְסְטֶען הוֹיף אוּנְד (אִינֶעוֶויינִיג) אִין דֶעם הוֹיז׃

18 זֵייא זָאלֶען הָאבֶּען לֵיינֶענֶע הִיטֶעלְן אוֹיף זֵייעֶר קָאפּ, אוּנְד לֵיינֶענֶע הוֹיזֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע לֶענְדֶען, זֵייא זָאלֶען זִיךְ נִיט בֶּעגַארְטֶעלְן אִין דֶעם וָואס מַאכְט שְׁוִויצֶען׃

19 אוּנְד וֶוען זֵייא גֵייעֶן אַרוֹיס אִין אוֹיסֶעוֶויינִיגֶען הוֹיף, אִין דֶעם אוֹיסֶע־וֶויינִיגֶען הוֹיף צוּ דֶעם פָאלְק, אַזוֹי זָאלֶען זֵייא אוֹיסְטְהוּן זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער מִיט וֶועלְכֶע זֵייא הָאבֶּען גֶעדִינְט, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זֵייא אַנִידֶערְלֵייגֶען אִין דִיא הֵיילִיגֶע קַאמֶערְן, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זִיךְ אָנְקְלֵיידֶען מִיט אַנְדֶערֶע קְלֵיידֶער, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט דָאס פָאלְק הֵיילִיגֶען מִיט זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער׃

20 אוּנְד זֵייא זָאלֶען נִיט אָפְּשֶׁערֶען (רַאזִירֶען דִיא הָאר פוּן) זֵייעֶר קָאפּ, אוֹיךְ זָאלֶען זֵייא עֶס נִיט פְּרֵייא וַואקְסֶען לָאזֶען; זֵייא זָאלֶען (דִיא הָאר פוּן) זֵייעֶרֶע קֶעפּ גְלֵייךְ אָפְּשֶׁערֶען׃

21 אוּנְד קֵיין כּוֹהֵן זָאל נִיט טְרִינְקֶען וויין וֶוען עֶר קוּמְט אַרַיין אִין דֶעם אִינֶעוֶויינִיגְסְטֶען הוֹיף׃

22 אוּנְד זֵייא זָאלֶען נִיט גֶעמֶען פַאר אַ ווייבּ קֵיינֶע אַלְמָנָה אָדֶער אֵיינֶע גְרוּשָׁה, נֵייעֶרְט בְּתוּלוֹת פוּן דִיא זֶרַע פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אָבֶּער אֵיינֶע אַלְמָנָה וָואס וֶועט זַיין אֵיינֶע אַלְמָנָה פוּן אַ כּוֹהֵן מֶעגֶען זֵייא נֶעמֶען׃

23 אוּנְד זֵייא זָאלֶען בֶּעלֶערֶען מֵיין פָאלְק אֵיין צְווִישֶׁענְשֵׁייד צוּ מַאכֶען צְווִישֶׁען הֵיילִיג אוּנְד אוּמְהֵיילִיג, אוּנְד צְווִישֶׁען טָמֵא אוּנְד טָהוֹר זָאלֶען זֵייא זֵייא בֶּעקַאנְט מַאכֶען׃

24 אוּנְד וֶועגֶען אַ קְרִיג זָאלֶען זֵייא שְׁטֵיין צוּ מִשְׁפָּט׳ן, אוּנְד זֵייא זָאלֶען הַאלְטֶען מֵיינֶע תּוֹרָה אוּנְד מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אִין אַלֶע מֵיינֶע יָמִים טוֹבִים זָאלֶען זֵייא זִיךְ הִיטֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען הֵיילִיגֶען מֵיינֶע שַׁבָּתִים׃

25 אוּנְד זֵייא זָאלֶען נִיט אַרַיינְקוּמֶען צוּ קֵיינֶעם טוֹיטֶען מֶענְשׁ זִיךְ מְטַמֵא צוּ זַיין, נֵייעֶרְט צוּ אַ פָאטֶער אוּנְד צוּ אַ מוּטֶער, צוּ אַ זוּהְן אוּנְד צוּ אַ טָאכְטֶער, צוּ אַ בְּרוּדֶער אוּנְד צוּ אַ שְׁוֶועסְטֶער וָואס הָאט נָאךְ קֵיין מַאן, מֶעגֶען זֵייא זִיךְ מְטַמֵא זַיין׃

26 אוּנְד נָאכְדֶעם עֶר אִיז גֶערֵיינִיגְט, זָאל עֶר פַאר זִיךְ צֵיילֶען זִיבֶּען טֶעג׃

27 אוּנְד אִין דֶעם טָאג וֶוען עֶר קוּמְט אַרַיין אִין דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, צוּ דֶעם אִינֶעוֶויינִיגְסְטֶען הוֹיף, כְּדֵי צוּ דִינֶען אִין דִיא הֵיילִיגְקֵייטֶען, זָאל עֶר מַקְרִיב זַיין זַיין קָרְבָּן חַטָאת, זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃

28 אוּנְד דָאס זָאל זַיין צוּ זֵייא פַאר אַ נַחֲלָה,—אִיךְ בִּין זֵייעֶר נַחֲלָה—אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּ זֵייא נִיט גֶעבֶּען קֵיין בֶּעזִיץ צְווִישֶׁען דִיא יִשְׂרָאֵל, אִיךְ בִּין זֵייעֶר יְרוּשָׁה׃

29 זֵייא זָאלֶען עֶסֶען דָאס קָרְבָּן מִנְחָה, דָאס קָרְבָּן חַטָאת אוּנְד דָאס קָרְבָּן אָשָׁם, אוּנְד אַלֶעם וָואס אֵיינֶער וֶועט מַחְרִים זַיין (אָדֶער הֵיילִיגֶען) אִין יִשְׂרָאֵל זָאל צוּ זֵייא גֶעהֶערֶען׃

30 אוּנְד דָאס עֶרְשְׁטֶע פוּן אַלֶע בִּכּוּרִים פוּן אַלֶערְלֵייא גַאטוּנְג, אוּנְד אַלֶע תְּרוּמוֹת פוּן אַלֶע אֵייעֶרֶע אָפְּשֵׁיידוּנְגֶען זָאלֶען זַיין פַאר דִיא כּוֹהֲנִים; אוּנְד דָאס עֶרְשְׁטֶע פוּן אֵייעֶר טֵייג זָאלְט אִיהְר גֶעבֶּען צוּ דֶעם כּוֹהֵן, כְּדֵי דִיא בְּרָכָה זָאל רוּהֶען אוֹיף דֵיין הוֹיז:

31 קֵיינֶערְלֵייא נְבֵלָה אָדֶער טְרֵפָה, אוֹיבּ פוּן אֵיין עוֹף אָדֶער פוּן אַ בְּהֵמָה, זָאלֶען דִיא כּוֹהֲנִים נִיט עֶסֶען:

קאפיטעל מה

1 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט גוֹרָל וַוארְפֶען אִיבֶּער דֶעם לַאנְד עֶס צוּ צוּ טְהֵיילֶען אַלְס אַ נַחֲלָה, זָאלְט אִיהְר אָפְּשֵׁיידֶען אֵיינֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג צוּ גָאט אַ חֵלֶק פוּן דֶעם לַאנְד, פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד רָאהְר לַאנְג אוּנְד צֶעהְן טוֹיזֶענְד בְּרֵייט, דָאס זָאל זַיין הֵיילִיג אִין דֶער גַאנְצֶען גְרֶענְעֶץ רִינְגְס אַרוּם:

2 פוּן דֶעם דָאזִיגֶען זָאל זַיין פַאר דֶעם הֵיילִיגְטוּם פִינְף הוּנְדֶערְט רָאהְר בֵּייא פִינְף הוּנְדֶערְט, פִיעֶר עֶקִיגְדִיק רִינְגְס אַרוּם; אוּנְד פוּפְצִיג אֵיילֶען רִינְגְס אַרוּם פַאר אַ פְרֵייעֶן אָרְט:

3 אוּנְד פוּן דֶעם דָאזִיגֶען מָאס זָאלְסְט דוּא מֶעסְטֶען, דִיא לֶענְג פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד אֵיילֶען, אוּנְד דִיא בְּרֵייט צֶעהְן טוֹיזֶענְד, אוּנְד אוֹיף דֶעם זָאל זַיין דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ מִיט דֶעם קֹדֶשׁ קָדָשִׁים:

4 דָאס הֵיילִיגֶע פוּן דֶעם לַאנְד זָאל זַיין פַאר דִיא כּוֹהֲנִים וָואס דִינֶען אִין דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, וָואס זָאלֶען זִיךְ גֶענֶעהֶנֶען גָאט צוּ דִינֶען, אוּנְד עֶס זָאל זַיין אֵיין אָרְט פַאר זֵייא פַאר הֵייזֶער, אוּנְד אַ הֵיילִיגְטוּם פַאר דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ:

5 אוּנְד פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד לַאנְג, אוּנְד צֶעהְן טוֹיזֶענְד בְּרֵייט, זָאל זַיין פַאר דִיא לְוִיִּם וָואס דִינֶען אִין דֶעם הוֹיז, עֶס זָאל זַיין זֵייעֶרֶע יְרוּשָּׁה, פַאר צְוַואנְצִיג קַאמֶערְן:

6 אוּנְד אִיהְר זָאלְט גֶעבֶּען אַלְס בֶּעזִיץ פוּן דֶער שְׁטָאט פִינְף טוֹיזֶענְד דִיא בְּרֵייט אוּנְד פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד דִיא לֶענְג, קֶעגֶענְאִיבֶּער פוּן דֶער הֵיילִיגֶען אָפְּשֵׁיידוּנְג, דָאס זָאל זַיין פַאר דֶעם גַאנְצֶען הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל:

7 אוּנְד פַאר דֶעם נָשִׂיא זָאל זַיין אַ חֵלֶק פוּן דִיא זַייט אוּנְד פוּן יֶענֶער זַייט פוּן דֶער הֵיילִיגֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג, אוּנְד פוּן דֶער יְרוּשָּׁה פוּן דֶער שְׁטָאט, פַאר דֶער הֵיילִיגֶען אָפְּשֵׁיידוּנְג, אוּנְד פַאר דֶער יְרוּשָּׁה פוּן דֶער שְׁטָאט פוּן דֶער מַעֲרָב־זַייט קֶעגֶען מַעֲרָב, אוּנְד פוּן דֶער מִזְרַח־זַייט קֶעגֶען מִזְרַח, אוּנְד דִיא לֶענְג קֶעגֶען אִיבֶּער אֵיינֶעם פוּן דִיא חֲלָקִים פוּן דֶער מַעֲרָב־גְרֶענֶעץ בִּיז צוּ דֶער מִזְרַח־גְרֶענֶעץ:

8 אִין דֶעם לַאנְד זָאל צוּ אִיהְם זַיין אַ יְרוּשָּׁה צְווִישֶׁען יִשְׂרָאֵל, כְּדֵי מֵיינֶע נְשִׂיאִים זָאלֶען נִיט מֶעהְר אוּנְטֶערְדְרִיקֶען מֵיין פָאלְק, אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע לַאנְד זָאלֶען זֵייא גֶעבֶּען צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל נָאךְ זֵייעֶרֶע שְׁבָטִים:

9 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, עֶס אִיז שׁוֹין גֶענוּג צוּ אֵייךְ, אוֹי אִיהְר נְשִׂיאִים פוּן יִשְׂרָאֵל! טְהוּט אַוֶועק גְזֵלוֹת אוּנְד רוֹיבּוּנְג, אוּנְד טְהוּט מִשְׁפָּט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, הֵייבְּט אַוֶועק אֵייעֶרֶע פֶערְטְרֵייבּוּנְגֶען פוּן מֵיין פָאלְק, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

10 איהר זאָלט האָבען ריכטיגע וואָג־
שאָלען, אונד אַ ריכטיגע איפה, אונד
אַ ריכטיגעס בת:
11 דיא איפה אונד דיא בת זאָלען
זיין פון איינערלייא (ריכטיגעס מאָס),
דאָס דאָס בת זאָל האַלטען דעם
צעהנטען טייל פון דעם חומר, אונד
איינע איפה דעם צעהנטען טייל פון
דעם חומר, נאָך דעם חומר נאָך זאָל
זיין דאָס מאָס דערפון:
12 אונד דער שקל זאָל האָבען
צוואַנציג גרה, צוואַנציג שקלים, פינף
אונד צוואַנציג שקלים, פופצעהן שקלים
זאָל צו איך זיין דער מנה:
13 דאָס איז דיא תרומה וואָס איהר
זאָלט אָפּשיידען, איין זעקסטעל איפה
פון דעם חומר ווייץ, אונד איין זעקסטעל
איפה פון דעם חומר גערשט:
14 אונד דאָס געזעץ פון וועגען דעם
בוימאייל, דאָס בת פון דעם בוימאייל,
דאָס בת איז אַ צעהנטעל פון דעם
כור, צעהן בת האַלט איין חומר־
וואָרין צעהן בת איז איין חומר:
15 אונד איין לעמעלע פון דיא שאָף,
פון צווייא הונדערט, פון דיא בעסטע
ווייזע פון ישראל, פאַר אַ קרבן
מנחה אונד פאַר אַ קרבן עולה אונד
פאַר שלמים, כדי פאַר זייא מכפר צו
זיין, זאָגט דער האַר גאָט:
16 דאָס גאַנצע פאָלק פון דעם לאַנד
זאָל מחויב זיין צו געבען דיא דאָזיגע
תרומה צו דעם נשיא אין ישראל:
17 אונד עס זאָל זיין דעם נשיא'ס
חלק מקריב צו זיין דיא קרבן עולות
אונד מנחה אונד דאָס קרבן נסח, אַן דיא
ימים טובים אונד אַן דיא חדשים אונד
שבתים, אין אַלע ימים טובים פון דעם
הויזגעזינד פון ישראל, ער זאָל מקריב
זיין דאָס קרבן חטאת אונד דאָס קרבן
מנחה אונד דאָס קרבן עולה אונד דיא
שלמים כדי מכפר צו זיין פון וועגען
דעם הויזגעזינד פון ישראל:
18 אַזוי זאָגט דער האַר גאָט, אין
דעם ערשטען חודש, אין דעם ערשטען
טאָג פון דעם חודש זאָלסט דוא נעמען
אַ יונגען אָקס אָהן אַ פעהלער, אונד
דוא זאָלסט ריינינגען דאָס בית
המקדש:
19 אונד דער כהן זאָל נעמען פון
דעם בלוט פון דעם קרבן חטאת אונד
ער זאָל דאָס געבען אויף דיא ביי־
שטידלעך (מזוזות) פון דעם הויז, אונד
אויף דיא פיער ווינקעל פון דער עזרה
פון דעם מזבח, אונד אויף דיא מזוזות
פון דעם טויער פון דעם אינעווייניגס־
טען הויף:
20 אונד אַזוי זאָלסט דוא אויך טהון
אין דעם זיבעטען טאָג פון חודש, פון
וועגען דעם וואָס האָט געאירט, אונד
פאַר דעם וואָס איז פערפיהרט געוואָרען
צו זינדיגען, אונד אַזוי זאָלט איהר
ריינינגען דאָס בית המקדש:
21 אין דעם פירצעהנטען טאָג פון
דעם ערשטען חודש זאָל צו איך זיין
פסח, אַ יום טוב פון זיבען טעג, איהר
זאָלט עסען מצות:
22 אונד דער נשיא זאָל אַן דעמזעלבי־
גען טאָג מקריב זיין פאַר זיך אונד
פאַר דעם גאַנצען פאָלק פון דעם לאַנד
איין אָקס פאַר אַ קרבן חטאת:
23 אונד דיא זיבען טעג פון יום טוב
זאָל ער מקריב זיין אַ קרבן עולה צו
גאָט, זיבען אָקסען אונד זיבען ווידער
אָהן אַ פעהלער, איטליכען פון דיא זיבען

טָעג, אוּנְד אוֹיךְ פַאר אַ קָרְבָּן חַטָּאת אַ צִיגֶענְבֶּעקֶעלֶע אִיטְלִיכֶען טָאג׃

24 אוּנְד אַלְס אַ מִנְחָה זָאל עֶר מַקְרִיב זַיין אֵיין אֵיפָה צוּ אֵיין אָקְס אוּנְד אֵיין אֵיפָה צוּ אֵיין ווִידֶער, אוּנְד אֵיין הִין אֵייל צוּ אֵיין אֵיפָה׃

25 אַן דֶעם פוּפְצֶעהְנְטֶען טָאג פוּן דֶעם זִיבֶּעטֶען חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם יוֹם טוֹב (סֻכּוֹת) זָאל עֶר טְהוּן אַזוֹי ווִיא דִיא דָאזִיגֶע זִיבֶּען טֶעג, אַזוֹי ווִיא דָאס קָרְבָּן חַטָּאת, אַזוֹי ווִיא דָאס קָרְבָּן עוֹלָה אוּנְד ווִיא דָאס קָרְבָּן מִנְחָה, אוּנְד אַזוֹי ווִיא דָאס בּוֹימְאֵייל׃

## קאפיטעל מו

1 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דָאס טוֹיעֶר פוּן דֶעם אִינֶעווֶיינִיגְסְטֶען הוֹיף, וָואס קֶעהְרְט זִיךְ צוּ מִזְרַח־זֵייט זָאל זַיין פֶערְשְׁלָאסֶען דִיא זֶעקְס אַרְבֵּייטְס־טֶעג, אָבֶּער אַם שַׁבָּת זָאל עֶס אוֹיפְגֶעמַאכְט וֶוערֶען, אוּנְד אַם רוֹאשׁ חוֹדֶשׁ זָאל עֶס אוֹיךְ אוֹיפְגֶעמַאכְט וֶוערֶען׃

2 אוּנְד דֶער נָשִׂיא זָאל אַרֵיינְקוּמֶען אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶער הַאלֶע דוּרְךְ דֶעם טוֹיעֶר פוּן דְרוֹיסֶען, אוּנְד עֶר זָאל שְׁטֵיין בֵּייא דֶער מְזוּזָה פוּן דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד דִיא כּוֹהֲנִים זָאלֶען מַקְרִיב זַיין זַיין קָרְבָּן עוֹלָה אוּנְד קָרְבָּן שְׁלָמִים אוּנְד עֶר זָאל זִיךְ בִּיקֶען אוֹיף דֶער שְׁוֶועל פוּן דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאל עֶר אַרוֹיסְגֵיין, אוּנְד דָאס טוֹיעֶר זָאל נִיט צוּגֶעשְׁלָאסֶען וֶוערֶען בִּיז אָבֶענְד׃

3 אוּנְד דָאס פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד זָאל זִיךְ בִּיקֶען אַן דֶער טִיעֶר פוּן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טוֹיעֶר, אַן דִיא שַׁבָּתִים אוּנְד דִיא רָאשֵׁי חֳדָשִׁים, פַאר גָאט׃

4 אוּנְד דָאס קָרְבָּן עוֹלָה וָואס דֶער נָשִׂיא וֶועט מַקְרִיב זַיין צוּ גָאט אַן דֶעם שַׁבָּת טָאג, זָאל זַיין זֶעקְס לֶעמֶער אָהְן אַ פֶּעהְלֶער, אוּנְד אֵיין ווִידֶער אָהְן אַ פֶּעהְלֶער׃

5 אוּנְד פַאר אַ קָרְבָּן מִנְחָה—אֵיין אֵיפָה (מֶעהְל) צוּ אֵיין ווִידֶער, אוּנְד צוּ דִיא לֶעמֶער אַ קָרְבָּן מִנְחָה לוֹיט זַיין פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד אֵיין הִין בּוֹימְאֵייל צוּ אֵיין אֵיפָה (מֶעהְל)׃

6 אוּנְד אַן דֶעם רוֹאשׁ חוֹדֶשׁ טָאג (זָאל עֶר מַקְרִיב זַיין) אַ יוּנְגֶען אָקְס אָהְן אַ פֶּעהְלֶער, אוּנְד זֶעקְס לֶעמֶער אוּנְד אֵיין ווִידֶער, זֵייא זָאלֶען זַיין אָהְן אַ פֶּעהְלֶער׃

7 אוּנְד אֵיין אֵיפָה (מֶעהְל) פַאר אֵיין אָקְס, אוּנְד אֵיין אֵיפָה פַאר אֵיין ווִידֶער זָאל עֶר מַקְרִיב זַיין פַאר אַ קָרְבָּן מִנְחָה, אוּנְד פַאר דִיא לֶעמֶער נָאךְ זַיין פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד אַ הִין בּוֹימְאֵייל צוּ אֵיין אֵיפָה (מֶעהְל)׃

8 אוּנְד וֶוען דֶער נָשִׂיא קוּמְט אַרֵיין אַזוֹי זָאל עֶר אַרֵיינְקוּמֶען דוּרְךְ דֶעם טוֹיעֶר אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶער הַאלֶע, אוּנְד דוּרְךְ דֶעמְזֶעלְבֶּען וֶועג זָאל עֶר אַרוֹיסְגֵיין׃

9 אוּנְד וֶוען דָאס פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד קוּמְט אַרֵיין צוּ פַאר גָאט אַן דִיא יָמִים טוֹבִים—דֶער וָואס וֶועט קוּמֶען אוֹיף דֶעם וֶועג דוּרְךְ דֶעם טוֹיעֶר פוּן צָפוֹן־זֵייט כְּדֵי זִיךְ צוּ בִּיקֶען, דֶער זָאל אַרוֹיסְגֵיין אוֹיף דֶעם וֶועג דוּרְךְ דֶעם טוֹיעֶר פוּן דָרוֹם־זֵייט, אוּנְד דֶער וָואס קוּמְט אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶעם טוֹיעֶר אוֹיף דָרוֹם־זֵייט זָאל אַרוֹיסְגֵיין דוּרְךְ דֶעם טוֹיעֶר אוֹיף צָפוֹן־זֵייט—עֶר זָאל זִיךְ נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶעם טוֹיעֶר דוּרְךְ וֶועלְכֶעם עֶר אִיז

אַרײַנגעקומען, גײערט קעגענאִיבער
זָאל עֶר אַרויסגײן׃
10 אָבֶּער דֶער נָשִׂיא וָואס אִיז צְווִישֶׁען
זײא, וֶוען זײא קוּמֶען אַרײַן זָאל עֶר
אויך אַרײַנקוּמֶען, אוּנְד וֶוען זײא גײעֶן
אַרוים זָאל עֶר אויך אַרויסגײן׃
11 אוּנְד אִין דִיא פײערְטֶעג אוּנְד
יָמִים טוֹבִים זָאל זײן דָאס קָרְבָּן מִנְחָה
אײן אֵיפָה צוּ אײן אָקְס, אוּנְד אײן
אֵיפָה צוּ אַ ווידֶער, אוּנְד צוּ דִיא
לֶעמֶער לויט זײן פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד אַ
הִין בּוימְאֶייל צוּ אײן אֵיפָה (מֶעהְל)׃
12 אוּנְד וֶוען דֶער נָשִׂיא וֶועט מַקְרִיב
זײן צוּ גָאט, אַ קָרְבָּן עוֹלָה אָדֶער
שְׁלָמִים, אַלְס נְדָבָה, אַזוֹי זָאל מֶען
אִיהְם אויפְמַאכֶען דִיא טִיעֶר פוּן דֶעם
טויעֶר וָואס קֶעהְרְט זִיךְ צוּ מִזְרַח־זײט,
אוּנְד עֶר זָאל מַקְרִיב זײן זײן קָרְבָּן
עוֹלָה אוּנְד זײן שְׁלָמִים אַזוֹי וויא מֶען
טְהוּט אַן דֶעם שַׁבָּת טָאג, אוּנְד וֶוען
עֶר אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען זָאל מֶען צוּ־
שְׁלִיסֶען דָאס טויעֶר נָאכְדֶעם אַז עֶר
אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען׃
13 אוּנְד עֶר זָאל מַקְרִיב זײן צוּ גָאט
אײן לַאם אײן יָאהְר אַלְט, אָהְן אַ
פֶעהְלֶער אַלְס קָרְבָּן עוֹלָה אִיטְלִיכֶען
טָאג, אַלֶע פְרִיהְמָארְגֶען זָאל עֶר עֶס
מַקְרִיב זײן׃
14 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֶערְמִיט אִיטְלִי־
כֶען מָארְגֶען מַקְרִיב זײן אַ קָרְבָּן מִנְחָה,
אײן זֶעקְסְטֶעל אֵיפָה (מֶעהְל) אוּנְד אַ
דְרִיטֶעל הִין אֶייל צוּ מִישֶׁען מִיט דֶעם
מֶעהְל, דָאס זָאל זײן דָאס קָרְבָּן מִנְחָה
צוּ גָאט דָאס זָאל זײן בֶּעשְׁטֶענְדִיג אײן
אײבִּיגֶעס גֶעזֶעץ׃
15 אוּנְד אויף אַזַא אוֹפֶן זָאל מֶען צוּ־
בֶּערֵייטֶען דָאס לַאם, אוּנְד דָאס קָרְבָּן
מִנְחָה אוּנְד דָאס בּוימְאֶייל אִיטְלִיכֶען
פְרִיהְמָארְגֶען פַאר אײן בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶעס
קָרְבָּן עוֹלָה׃
16 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, וֶוען
דֶער נָשִׂיא וֶועט גֶעבֶּען אַ מַתָּנָה צוּ
אײנֶעם פוּן זײנֶע זִיהְן, דָאס זָאל זײן
צוּ זײנֶע זִיהְן אַלְס נַחֲלָה, עֶס זָאל זײן
זײעֶר אײגֶענְטְהוּם דוּרְךְ דִיא נַחֲלָה׃
17 אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט גֶעבֶּען אַ
מַתָּנָה פוּן זײן נַחֲלָה צוּ אײנֶעם פוּן
זײנֶע קְנֶעכְט, אַזוֹי זָאל עֶס צוּ אִיהְם
גֶעהֶערֶען בִּיז צוּ דֶעם פְרֵייא־יָאהְר,
אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאל עֶס צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט
וֶוערֶען צוּ דֶעם נָשִׂיא, אָבֶּער זײן נַחֲלָה
וָואס עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ זײנֶע זִיהְן
דָאס זָאל צוּ זײא גֶעהֶערֶען׃
18 אוּנְד דֶער נָשִׂיא זָאל נִיט גֶענֶעמֶען
פוּן דֶעם עֶרְבְּטֵייל פוּן דֶעם פָאלְק
אוּם זײא צוּ בֶּעגַזְלֶ'ן פוּן זײעֶרֶע יְרוּשָּׁה,
וָוארִין עֶר זָאל פוּן זײן בֶּעזִיץ גֶעבֶּען
אַ נַחֲלָה צוּ זײנֶע זִיהְן, כְּדֵי מֵיין פָאלְק
זָאל נִיט צוּשְׁפְּרֵייט וֶוערֶען אִיטְלִיכֶער
פוּן זײנֶע יְרוּשָּׁה׃
19 אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאט עֶר מִיךְ
אַרײַנְגֶעבְּרַאכְט דוּרְךְ דֶעם אײנְגַאנְג
וָואס אִיז אַן דֶער זײט פוּן דֶעם טויעֶר
צוּ דִיא הֵיילִיגֶע קַאמֶערְן, וָואס גֶעהֶערֶען
צוּ דִיא כּוֹהֲנִים אוּנְד וָואס קֶעהְרְט זִיךְ
צוּ דֶער צָפוֹן זײט, אוּנְד זֶעה דָארְט
אִיז גֶעוֶועזֶען אײן אָרְט אַן דֶער זײט
דֶערְפוּן צוּ מַעֲרָב־זײט׃
20 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
דָאס אִיז דֶער אָרְט אַווּאוּ דִיא כּוֹהֲנִים
קָאכֶען דָאס קָרְבָּן אָשָׁם אוּנְד דָאס
קָרְבָּן חַטָּאת, אוּנְד ווּאוּ זײא בַּאקֶען
דָאס קָרְבָּן מִנְחָה, כְּדֵי זײא זָאלֶען
עֶס נִיט אַרויסבְּרֶענְגֶען אִין דֶעם

אוֹיסֶעוֵויינִיגְסְטֶען הוֹיף דָאס פָאלְק
דַאמִיט צוּ הֵיילִיגֶען :
21 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט
צוּ דֶעם אוֹיסֶעוֵויינִיגְסְטֶען הוֹיף, אוּנְד
עֶר הָאט מִיךְ פֶערְבֵּייא גֶעפִּיהְרְט פַאר
דִיא פִּיעֶר עֶקֶען פוּן דֶעם הוֹיף, אוּנְד
זֶעה, עֶס וַואר אַ קְלֵיינֶער הוֹיף אוֹיף
אִיטְלִיכֶען ווִינְקֶעל פוּן דֶעם הוֹיף :
22 אִין דִיא פִּיעֶר עֶקֶען פוּן דֶעם
הוֹיף זֶענֶען גֶעוֶועזֶען קְלֵיינֶע הוֹיפֶעלֶעךְ
וָואס הָאבֶּען גֶעבְּרֵייטֶערְט, פִּיעֶרְצִיג
אֵיילֶען לַאנְג אוּנְד דְרֵייסִיג אֵיילֶען
בְּרֵייט, אֵיין מָאס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אַלֶע
פִּיעֶר ווִינְקֶעל־הוֹיפֶעלֶעךְ :
23 אוּנְד אַ שׁוּרָה (מוֹיעֶר) אִיז גֶע־
וֶועזֶען רִינְגְס אַרוּם זַייא, צוּ אַלֶע פִּיעֶר
זַייטֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט
קִיכֶענְס אוּנְטֶער דִיא מוֹיעֶרְן רִינְגְס
אַרוּם :
24 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
דָאס זֶענֶען דִיא קָאךְ־הֵייזֶער, וְואוּ דִיא
מְשָׁרְתִים פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ קָאכֶען
דָארְטֶען דִיא קָרְבָּנוֹת פוּן דֶעם פָאלְק :

קאפיטעל מז

1 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט
צוּ דֶער טִיעֶר פוּן דֶעם הוֹיז, אוּנְד
זֶעה, וַואסֶערְן זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
פוּן אוּנְטֶער דִיא שְׁוֶועל פוּן דֶעם בֵּית
הַמִקְדָשׁ אוֹיף דֶער מִזְרַח־זַייט, וָוארִין
דִיא פָארְדֶער זַייט פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ
אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ מִזְרַח צוּ, אוּנְד דִיא
וַואסֶערְן זֶענֶען אַרוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען פוּן
אוּנְטֶער דִיא שְׁוֶועל פוּן דֶער רֶעכְטֶער
זַייט פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דָרוֹם־זַייט צוּ
דֶעם מִזְבֵּחַ :
2 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט
אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶעם טוֹיעֶר אוֹיף
צָפוֹן־זַייט, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרוּמְ־
גֶעפִּיהְרְט אוֹיף דֶעם וֶועג אוֹיסֶעוֵויינִיג
צוּ דֶעם טוֹיעֶר דְרוֹיסֶען, אוֹיף דֶעם
וֶועג וָואס קֶעהְרְט זִיךְ צוּ מִזְרַח־זַייט,
אוּנְד זֶעה דִיא וַואסֶערְן הָאבֶּען גֶע־
רִינֶען פוּן דֶער רֶעכְטֶער זַייט :
3 וֶוען דֶער מַאן אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
קֶעגֶען מִזְרַח־זַייט וָואס הָאט גֶעהַאט
אַ מֶעסְט־שְׁנוּר אִין זַיינֶע הַאנְד אַזוֹי
הָאט עֶר גֶעמָאסְטֶען טוֹיזֶענְד אֵיילֶען,
אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעמַאכְט דוּרְכְגֵיין
דוּרְךְ דִיא וַואסֶערְן, אוּנְד דִיא וַואסֶערְן
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בִּיז צוּ דִיא קְנֶעכֶעלְן :
4 אוּנְד עֶר הָאט (ווִידֶער) גֶעמָאסְטֶען
טוֹיזֶענְד (אֵיילֶען) אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ
דוּרְכְגֶעבְּרַאכְט דוּרְךְ דִיא וַואסֶערְן,
אוּנְד דִיא וַואסֶערְן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בִּיז
צוּ דִיא קְנִיעֶן ; אוּנְד עֶר הָאט ווִידֶער
גֶעמָאסְטֶען טוֹיזֶענְד אֵיילֶען אוּנְד עֶר
הָאט מִיךְ דוּרְכְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד דִיא
וַואסֶערְן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בִּיז צוּ דִיא
לֶענְדֶען :
5 אוּנְד עֶר הָאט ווִידֶער גֶעמָאסְטֶען
טוֹיזֶענְד אֵיילֶען, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
אַ טֵייךְ וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעקֶענְט
דוּרְכְגֵיין, וָוארִין דִיא וַואסֶערְן זֶענֶען
גֶעשְׁטִיגֶען, וַואסֶערְן צוּ שְׁווִימֶען, אַ
טֵייךְ וָואס מֶען קֶען אִיהְם נִיט
אִיבֶּערְגֵיין :
6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
בֶּן־אָדָם, הָאסְט דוּא דָאס גֶעזֶעהֶען ?
אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעפִּיהְרְט אוּנְד
צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם בָּארְטֶען פוּן
דֶעם טֵייךְ :
7 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט מִיךְ צוּרִיקְ־
גֶעבְּרַאכְט, זֶעה, אַזוֹי זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
בֵּייא דֶעם בָּארְטֶען פוּן דֶעם טֵייךְ

זָעהר פִילֶע בֵּיימֶער, פוּן דִיא זַייט
אוּנְד פוּן יֶענֶע זַייט׃
8 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
דִיא דָאזִיגֶע וַואסֶערְן וֶועלֶען אַרוֹיסְגֵיין
נָאךְ גָלִיל אַן דֶער מִזְרַח־זַייט צוּ, אוּנְד
וֶועלֶען אַרוֹיפְגֵיין צוּ דֶעם פְּלוֹין, אוּנְד
אַרַיינְגֵיין אִין דֶעם יַם, אוּנְד דָאס יַם
אַוְואוּ זֵייא וֶועלֶען אַרַיינְגֵיין, דִיא
וַואסֶערְן וֶועלֶען גֶעהֵיילְט וֶוערֶען׃
9 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז אַלֶעס
לֶעבֶּעדִיגֶעס וָואס ווִימֶעלְט זִיךְ, אוּנְד
וָואס וֶועט דָארְט אַרַיינְקוּמֶען אִין
אֵיינֶע פוּן דִיא טַייכֶען וֶועט לֶעבֶּען,
אוּנְד עֶס וֶועלֶען זַיין זֶעהר פִיל פִישׁ,
ווייל דִיא דָאזִיגֶע וַואסֶערְן וֶועלֶען
דָארְט אַהִין קוּמֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
הֵיילֶען, אוּנְד אַלֶעס וֶועט לֶעבֶּען אַוְואוּ
דֶער טַייךְ וֶועט דָארְט אַהִינְקוּמֶען׃
10 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז פִישֶׁערְס
וֶועלֶען דָארְט שְׁטֵיין פוּן עֵין גֶדִי בִּיז
עֵין עֶגְלַיִם, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אֵיינֶע
אוֹיסְשְׁפְּרֵייטוּנְג פוּן נֶעצֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע
פִישׁ וֶועלֶען זַיין פוּן פִילֶע מִינִים,
אַזוֹי ווִיא דִיא פִישׁ פוּן דֶעם יַם הַגָדוֹל,
זֶעהר פִיל׃
11 אָבֶּער דִיא זוּמְפֶּען, אוּנְד דִיא
גְרִיבֶּער דֶערְפוּן זֵייא וֶועלֶען נִיט
גֶעהֵיילְט וֶוערֶען נֵייעֶרְט זֵייא זָענֶען
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם זַאלְץ׃
12 אוּנְד בֵּייא דֶעם טַייךְ וֶועלֶען
אוֹיפְגֵיין אַן זַיין בָּארְטֶען פוּן דִיא זַייט
אוּנְד פוּן יֶענֶער זַייט אַלֶערְלֵייא בֵּיימֶער
צוּם עֶסֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע בְּלֶעטֶער וֶועלֶען
נִיט פֶערְוֶועלְקְט וֶוערֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע
פֵּירוֹת וֶועלֶען נִיט אוֹיפְהֶערֶען, אִיטְ־
לִיכֶען חוֹדֶשׁ וֶועלֶען זֵייא צֵייטִיג וֶוערֶען,
וָוארִין זֵייעֶרֶע וואסֶערְן פְלִיסֶען אַרוֹיס
פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד אַזוֹי
וֶועלֶען זֵייעֶרֶע פֵּירוֹת זַיין צוּם עֶסֶען,
אוּנְד דִיא בְּלֶעטֶער פַאר אַ רְפוּאָה׃
13 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דָאס
זָאל זַיין דִיא גְרֶענְעֶץ בֵּייא וָואס
אִיהְר זָאלְט אוֹיסְטֵיילֶען דָאס לַאנְד
אַלְס נַחֲלָה צוּ דִיא צְוֶועלְף שְׁבָטִים
פוּן יִשְׂרָאֵל, יוֹסֵף זָאל גֶעמֶען צְוֵייא
חֲלָקִים׃
14 אוּנְד אִיהְר זָאלְט עֶס יַרְשְׁנ'ן אֵיי־
נֶער אַזוֹי פִיל ווִיא דֶער אַנְדֶערֶער,
ווייל אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע
הַאנְד כְּדֵי עֶס צוּ גֶעבֶּען צוּ אֵיירֶע
עֶלְטֶערְן, אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד זָאל
צוּ אֵייךְ צוּפַאלֶען אַלְס אַ נַחֲלָה׃
15 אוּנְד דָאס זָאל זַיין דִיא גְרֶענְעֶץ
פוּן דֶעם לַאנְד, דִיא צָפוֹן־זַייט פוּן
דֶעם יַם הַגָדוֹל אַן אוֹיף דֶעם וֶועג
נָאךְ חֶתְלוֹן אַוְואוּ מֶען קוּמְט נָאךְ צְדָדָה׃
16 חֲמָת, בֵּרוֹתָה, סִבְרַיִם, וָואס אִיז
צְווִישֶׁען דִיא גְרֶענְעֶץ פוּן דַמֶשֶׂק אוּנְד
צְווִישֶׁען דִיא גְרֶענְעֶץ פוּן חֲמָת אוּנְד
חָצֵר־הַתִּיכוֹן וָואס אִיז בֵּייא דִיא גְרֶענְעֶץ
פוּן חַוְרָן׃
17 אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ זָאל זַיין פוּן
דֶעם יַם אַן נָאךְ חֲצַר עֵינוֹן, בֵּייא דִיא
גְרֶענְעֶץ פוּן דַמֶשֶׂק אוּנְד פוּן דֶער צָפוֹן־
צָפוֹן־זַייט, אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ פוּן חֲמָת
זָאל זַיין דִיא צָפוֹן־זַייט׃
18 אוּנְד דָאס ווִינְקֶעל אַן דֶער מִזְרַח־
זַייט זָאל זַיין צְווִישֶׁען חַוְרָן אוּנְד פוּן
צְווִישֶׁען דַמֶשֶׂק, אוּנְד פוּן צְווִישֶׁען גִלְעָד,
אוּנְד פוּן צְווִישֶׁען אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל זָאל זַיין
דֶער יַרְדֵן, פוּן דֶער גְרֶענְעֶץ בֵּייא דֶעם
יַם אַן דֶער מִזְרַח־זַייט זָאלְט אִיהְר
מֶעסְטֶען, אוּנְד דָאס זָאל זַיין דִיא
מִזְרַח־זַייט׃

19 אוּנְד דָאס ווִינְקֶעל אַן דֶער דָרוֹם־
זַייט נָאךְ דָרוֹם צוּ זָאל זַיין פוּן תָּמָר
בִּיז נָאךְ מֵי מְרִיבוֹת קָדֵשׁ צוּ דֶעם
טַייךְ פוּן דֶעם יַם הַגָּדוֹל. אוּנְד דָאס
אִיז דִיא גְרֶענֶעץ אַן דֶער דָרוֹם־זַייט:
20 אוּנְד דִיא מַעֲרָב־זַייט אִיז גֶעוֶועזֶען
דָאס יַם הַגָּדוֹל פוּן דֶער גְרֶענֶעץ בִּיז
קֶעגֶענְאִיבֶּער אַזוֹי ווִי מֶען קוּמְט נָאךְ
חֲמָת, דָאס אִיז דִיא גְרֶענֶעץ פוּן
מַעֲרָב־זַייט:
21 אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּטֵיילֶען דָאס
דָאזִיגֶע לַאנְד פַאר אֵייךְ נָאךְ דִיא
שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל:
22 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וֶוען אִיהְר
וֶועט דַארִיבֶּער גוֹרָל וַוארְפֶען כְּדֵי עֶס
צוּ צוּטֵיילֶען צוּ אֵייךְ, אוּנְד צוּ דִיא
פְרֶעמְדֶע וָואס הַאלְטֶען זִיךְ אוֹיף צְווִישֶׁען
אֵייךְ, וָואס הָאבֶּען גֶעבוֹירֶען קִינְדֶער
צְווִישֶׁען אֵייךְ, אַזוֹי (זָאלֶען דִיא פְרֶעמְדֶע
זַיין) גְרָאד אַזוֹי ווִיא דִיא הַיימִישֶׁע צְווִישֶׁען
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, מִיט אֵייךְ זָאלֶען
זֵייא זַייעֶר גוֹרָל וַוארְפֶען אִין דֶער יְרוּשָּׁה
צְווִישֶׁען דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל:
23 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, דָאס אִין וָואס
פַאר אַ שֵׁבֶט דֶער גֵר הַאלְט זִיךְ אוֹיף,
דָארְט זָאל מֶען אִיהְם גֶעבֶּען זַיינֶע
יְרוּשָּׁה, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

## קאפיטעל מח

1 אוּנְד דָאס זֶענֶען דִיא נֶעמֶען פוּן
דִיא שְׁבָטִים, פוּן דֶעם עֶק קֶעגֶען
צָפוֹן־זַייט, אוֹיף דֶעם וֶועג נָאךְ חֶתְלוֹן,
אַזוֹי ווִי מֶען קוּמְט נָאךְ חֲמָת, חֲצַר עֵינָן,
דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דַמֶּשֶׂק קֶעגֶען צָפוֹן,
אַן דֶער זַייט פוּן חֲמָת אוּנְד דָאס זָאל
זַיין צוּ אִיהְם דִיא מִזְרַח־זַייט אוּנְד
מַעֲרָב־זַייט אֵיין חֵלֶק פַאר דֶעם שֵׁבֶט
דָן:
2 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן דָן,
פוּן דֶער מִזְרַח־זַייט בִּיז נָאךְ מַעֲרָב־
זַייט, אֵיין חֵלֶק פַאר אָשֵׁר:
3 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן אָשֵׁר,
פוּן דֶער מִזְרַח־זַייט בִּיז נָאךְ מַעֲרָב־
זַייט, אֵיין חֵלֶק פַאר נַפְתָּלִי:
4 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן נַפְתָּלִי,
פוּן דֶער מִזְרַח־זַייט בִּיז נָאךְ מַעֲרָב־זַייט,
אֵיין חֵלֶק פַאר מְנַשֶּׁה:
5 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן מְנַשֶּׁה,
פוּן דֶער מִזְרַח־זַייט בִּיז נָאךְ מַעֲרָב־
זַייט, אֵיין חֵלֶק פַאר אֶפְרַיִם:
6 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן אֶפְרַיִם,
פוּן דֶער מִזְרַח־זַייט בִּיז נָאךְ מַעֲרָב־זַייט
אֵיין חֵלֶק פַאר רְאוּבֵן:
7 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן רְאוּבֵן,
פוּן דֶער מִזְרַח־זַייט בִּיז נָאךְ מַעֲרָב־
זַייט, אֵיין חֵלֶק פַאר יְהוּדָה:
8 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן יְהוּדָה,
פוּן דֶער מִזְרַח־זַייט בִּיז נָאךְ מַעֲרָב־זַייט,
זָאל זַיין דִיא אָפְּשֵׁיידוּנְג וָואס אִיהְר
זָאלְט אָפְּשֵׁיידֶען, פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג
טוֹיזֶענְד רָאהְר בְּרֵייט, אוּנְד דִיא לֶענְג
ווִיא אֵיינֶם פוּן דִיא חֲלָקִים פוּן דֶער
מִזְרַח־זַייט בִּיז צוּ דֶער מַעֲרָב־זַייט,
אוּנְד דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ זָאל זַיין אִין
מִיטֶען דֶערְפוּן,
9 אוּנְד דִיא אָפְּשֵׁיידוּנְג וָואס אִיהְר
וֶועט אָפְּשֵׁיידֶען זָאל זַיין פַאר גָאט,
דִיא לֶענְג פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד
רָאהְר אוּנְד דִיא בְּרֵייט צֶעהְן
טוֹיזֶענְד:
10 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע זָאל זַיין דִיא
הֵיילִיגֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג פַאר דִיא כּוֹהֲנִים,
פוּן צָפוֹן־זַייט, פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג
טוֹיזֶענְד, אוּנְד פוּן מַעֲרָב־זַייט צֶעהְן
טוֹיזֶענְד־בְּרֵייט, אוּנְד פוּן מִזְרַח־זַייט

צֶעהְן טויזֶענְד בְּרֵייט, אוּנְד פוּן דָרוֹם־זַייט פִּינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טויזֶענְד דִיא לֶענְג, אוּנְד דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ פוּן גָאט זָאל זַיין אִין דֶער מִיטֶען דֶערְפוּן:

11 אוּנְד דָאס זָאל זַיין פַאר דִיא גֶעהֵיילִיגְטֶע כּוֹהֲנִים, פוּן דִיא זִיהְן פוּן צָדוֹק, וָואס הִיטֶען מֵיינֶע הִיטוּנְג, וָואס הָאבֶּען זִיךְ נִיט פֶערְאִירְט נָאךְ דִיא פֶערְאִירוּנְג פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, (אָדֶער) אַזוֹי וִויא דִיא לְוִיִם הָאבֶּען זִיךְ פֶערְאִירְט:

12 אוּנְד דָאס זָאל זַיין אֵיינֶע גַאנְץ הֵיילִיגֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן דֶער אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן דֶעם לַאנְד, בֵּייא דִיא גְרֶענְעֶץ פוּן דִיא לְוִיִם:

13 אוּנְד קֶעגֶענְאִיבֶּער דִיא גְרֶענְעֶץ פוּן דִיא כּוֹהֲנִים זָאל זַיין דָאס חֵלֶק פַאר דִיא לְוִיִם, פִּינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טויזֶענְד לַאנְג אוּנְד דִיא בְּרֵייט צֶעהְן טויזֶענְד; דִיא גַאנְצֶע לֶענְג זָאל זַיין פִּינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טויזֶענְד, אוּנְד דִיא בְּרֵייט צֶעהְן טויזֶענְד:

14 אוּנְד זֵייא זָאלֶען דֶערְפוּן נִיט פֶערְקוֹיפֶען, אוּנְד נִיט פֶערְטוֹישֶׁען, אוּנְד מֶען זָאל אוֹיךְ נִיט פוּן דִיא אִיבֶּערְפִיהְרֶען (צוּ אַנְדֶערֶע) פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע פְּרוּכְט פוּן דֶעם לַאנְד, וָוארִין עֶס אִיז גַאנְץ הֵיילִיג צוּ גָאט:

15 אוּנְד דִיא פִּינְף טויזֶענְד רָאהְרֶען וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא בְּרֵייט פוּן פַאר דִיא פִּינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טויזֶענְד זָאל אַלְס גֶעמֵיינֶעס גֶעהֶערֶען צוּ דֶער שְׁטָאט, צוּ בֶּעווֹינֶען אוּנְד פַאר אַ לֵיידִיגֶען פְּלַאץ, אוּנְד דִיא שְׁטָאט זָאל שְׁטֵיין אִין דֶער מִיטֶען דֶערְפוּן:

16 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע זָאל זַיין זֵייעֶר מָאס, אַן דֶער צָפוֹן־זַייט, פִּיעֶר טויזֶענְד אוּנְד פִּינְף הוּנְדֶערְט; אוּנְד אַן דֶער דָרוֹם־זַייט, פִּיעֶר טויזֶענְד אוּנְד פִּינְף הוּנְדֶערְט; אוּנְד אַן דֶער מִזְרַח־זַייט צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּצְצִיג; אוּנְד אַן דֶער מַעֲרָב־זַייט, צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג

17 אוּנְד דֶער פְרֵייעֶר פְּלַאץ פוּן דֶער שְׁטָאט אַן דֶער צָפוֹן־זַייט, זָאל זַיין צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג; אַן דֶער דָרוֹם־זַייט צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג; אַן דֶער מִזְרַח־זַייט צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג; אוּנְד אַן דֶער מַעֲרָב־זַייט צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג:

18 אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע פוּן דִיא לֶענְג קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶער הֵיילִיגֶער אָפְּשֵׁיידוּנְג, דְהַיְינוּ צֶעהְן טויזֶענְד קֶעגֶען מִזְרַח־זַייט אוּנְד צֶעהְן טויזֶענְד קֶעגֶען מַעֲרָב־זַייט, דָאס וֶועט זַיין קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶער הֵיילִיגֶער אָפְּשֵׁיידוּנְג, אוּנְד עֶס זָאל זַיין פַאר דִיא תְּבוּאָה צוּם עֶסֶען פַאר דִיא וָואס אַרְבֵּייטֶען אִין דֶער שְׁטָאט:

19 אוּנְד דִיא וָואס וֶועלֶען אַרְבֵּייטֶען אִין דֶער שְׁטָאט, זָאלֶען אַרְבֵּייטֶען אוֹיס אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל:

20 דִיא גַאנְצֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג זָאל זַיין פִּינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טויזֶענְד בֵּייא פִּינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טויזֶענְד, פִּיעֶר עֶקִיגְדִיג זָאלְט אִיהְר אָפְּשֵׁיידֶען דִיא הֵיילִיגֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג אַלְס יְרוּשָּׁה פוּן דֶער שְׁטָאט:

21 אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע זָאל זַיין פַאר דֶעם נָשִׂיא פוּן דִיא זַייט אוּנְד פוּן יֶענֶער זַייט פַאר אַ הֵיילִיגֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג אוּנְד פַאר אַ יְרוּשָּׁה פוּן דֶער שְׁטָאט, קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶער אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן פִּינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טויזֶענְד בִּיז צוּ דֶער גְרֶענְעֶץ קֶעגֶען מִזְרַח אוּנְד מַעֲרָב,



קעגענאיבער

קֶעגֶענְאִיבֶּער דִיא פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג
טויזֶענְד בֵּייא דִיא מַעֲרָב־גְרֶענֶעץ,
קֶעגֶענְאִיבֶּער דִיא חֲלָקִים וָואס גֶעהֶער־
רֶען צוּ דֶעם נָשִׂיא, אוּנְד דָאס זָאל זֵיין
דִיא הֵיילִיגֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג, אוּנְד דָאס בֵּית
הַמִקְדָשׁ זָאל זֵיין אִין דֶער מִיטֶען דֶערְפוּן׃
22 אוּנְד פוּן דֶער יְרוּשָׁה פוּן דִיא
לְוִיִם, אוּנְד פוּן דִיא יְרוּשָׁה פוּן דֶער
שְׁטָאט, אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם וָואס
גֶעהֶערְט צוּ דֶעם נָשִׂיא, זָאל זֵיין צְווִי־
שֶׁען דִיא גְרֶענֶעץ פוּן יְהוּדָה אוּנְד
צְווִישֶׁען דִיא גְרֶענֶעץ פוּן בִּנְיָמִין, עֶס זָאל
גֶעהֶערֶען צוּ דֶעם נָשִׂיא׃
23 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע שְׁבָטִים, פוּן
דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז נָאךְ דֶער מַעֲרָב־
זֵייט אֵיין חֵלֶק פַאר בִּנְיָמִן׃
24 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן בִּנְיָמִן
פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז נָאךְ דֶער
מַעֲרָב־זֵייט אֵיין חֵלֶק פַאר שִׁמְעוֹן׃
25 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן שִׁמְעוֹן
פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז נָאךְ דֶער
מַעֲרָב־זֵייט אֵיין חֵלֶק פַאר יִשָׂשכָר׃
26 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן יִשָׂשכָר
פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז נָאךְ דֶער
מַעֲרָב־זֵייט אֵיין חֵלֶק פַאר זְבוּלֻן׃
27 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן זְבוּלֻן
פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז נָאךְ דֶער
מַעֲרָב־זֵייט אֵיין חֵלֶק פַאר גָד׃
28 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן גָד
צוּ דֶער דָרוֹם־זֵייט נָאךְ דָרוֹם צוּ, זָאל
זֵיין דִיא גְרֶענֶעץ פוּן תָּמָר בִּיז מֵי מְרִיבַת
קָדֵשׁ, דֶער טֵייךְ בֵּייא דֶעם יַם הַגָדוֹל׃
29 דָאס אִיז דָאס לַאנְד אִיבֶּער וָואס
אִיהְר זָאלְט גוֹרָל וַוארְפֶען וֶוענֶען דֶער
נַחֲלָה פַאר דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען זֵיירֶע חֲלָקִים
זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃
30 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא
אוֹיסְגֶענְג פוּן דֶער שְׁטָאט, קֶעגֶען
צָפוֹן־זֵייט זָאל זֵיין, פִיעֶר טויזֶענְד
אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט רָאהְרֶען מָאס׃
31 אוּנְד דִיא טוֹיעֶרְן פוּן דֶער שְׁטָאט
זָאלֶען זֵיין נָאךְ דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא
שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל; דְרֵייא טוֹיעֶרְן אַן
דֶער צָפוֹן־זֵייט, אֵיין טוֹיעֶר פוּן רְאוּבֵן,
אֵיין טוֹיעֶר פוּן יְהוּדָה, אֵיין טוֹיעֶר
פוּן לֵוִי׃
32 אוּנְד צוּ דֶער מִזְרַח־זֵייט, פִיעֶר
טויזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט, אוּנְד
דְרֵייא טוֹיעֶרְן; אוּנְד אֵיין טוֹיעֶר פוּן
יוֹסֵף, אֵיין טוֹיעֶר פוּן בִּנְיָמִין, אוּנְד
אֵיין טוֹיעֶר פוּן דָן׃
33 אוּנְד אַן דָרוֹם־זֵייט זָאל גֶעמָאסְטֶען
וֶוערֶען פִיעֶר טויזֶענְד אוּנְד פִינְף
הוּנְדֶערְט, אוּנְד דְרֵייא טוֹיעֶרְן, אֵיין
טוֹיעֶר פוּן שִׁמְעוֹן, אֵיין טוֹיעֶר פוּן
יִשָׂשכָר, אוּנְד אֵיין טוֹיעֶר פוּן זְבוּלֻן׃
34 דִיא מַעֲרָב־זֵייט, פִיעֶר טויזֶענְד
אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט, אוּנְד זֵיירֶע
טוֹיעֶרְן דְרֵייא, אֵיין טוֹיעֶר פוּן גָד, אֵיין
טוֹיעֶר פוּן אָשֵׁר, אוּנְד אֵיין טוֹיעֶר פוּן
נַפְתָּלִי׃
35 עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען רִינְגְס אַרוּם
אַכְטְצֶעהְן טויזֶענְד, אוּנְד דֶער נָאמֶען
פוּן דֶער שְׁטָאט פוּן דֶעם טָאג אָן זָאל
זֵיין יְהוָֹה שָׁמָּה׃

חזק

אַלֶע פסוקים פֿון דעם ספר יחזקאל זענען איין טויזענד צווייא הונדערט
אונד דרייא אונד זיבעציג; דיא העלפֿט דאפֿון איז קאפיטעל כ"ו א';
אונד האט אים גאנצען אַכט אונד פֿירציג קאפיטלעך׃

# הושע.

1 דָאס וָוארְט פוּן גָאט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ הוֹשֵׁעַ בֶּן בְּאֵרִי אִין דִיא טֶעג פוּן עֻזִיָה, יוֹתָם, אָחָז, יְחִזְקִיָה דִיא מְלָכִים פוּן יְהוּדָה, אוּנְד אִין דִיא טֶעג פוּן יָרָבְעָם בֶּן־יוֹאָשׁ מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל:

2 אִים אָנְפַאנְג וֶוען גָאט הָאט גֶערֶעט דוּרְךְ הוֹשֵׁעַ, אַזוֹי הָאט גָאט גֶעזָאגְט צוּ הוֹשֵׁעַ גֵייא אוּנְד נֶעם דִיר אַן אִשָׁה זוֹנָה, אוּנְד זִיא זָאל דִיר גֶעוִוינֶען קִינְדֶער פוּן זְנוּת, וָוארִין דָאס לַאנְד הָאט זִיךְ מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען כְּדֵי זִיךְ אָפְּצוּקֶעהְרֶען פוּן גָאט:

3 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא גוֹמֶר טָאכְטֶער פוּן דִבְלָיִם, אוּנְד זִיא אִיז טְרָאגֶעדִיג גֶעוָוארֶען אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעוְואוּנֶען אַ זוּהְן:

4 אוּנְד גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רוּף זַיין נָאמֶען יִזְרְעֶאל, וָוארִין נָאךְ אַ קְלֵיינֶע צֵייט אַזוֹי וֶועל אִיךְ (מִיךְ נוֹקֵם זַיין) בֶּעשְׁטְרָאפֶען וֶועגֶען דֶעם בְּלוּט פוּן יִזְרְעֶאל אוֹיף דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יֵהוּא, אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען אוֹיפְהֶערֶען דָאס מַלְכוּת פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל:

5 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג דָאס אִיךְ וֶועל צוּבְּרֶעכֶען דֶעם בּוֹיגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל אִין דֶעם טְהָאל פוּן יִזְרְעֶאל:

6 אוּנְד זִיא אִיז נָאכְמָאל טְרָאגֶעדִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעוְואוּנֶען אַ טָאכְטֶער, אוּנְד עֶר (גָאט) הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רוּף אִיהְר נָאמֶען לֹא רֻחָמָה, וָוארִין אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט מֶעהְר מְרַחֵם זַיין אִיבֶּער דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, כְּדֵי אִיךְ זָאל צוּ זֵייא פֶערְגֶעבֶּען (זֵיירֶע זִינְד):

7 אָבֶּער אִיךְ וֶועל מִיךְ מְרַחֵם זַיין אִיבֶּער דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יְהוּדָה, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא הֶעלְפֶען דוּרְךְ דֶעם הַאר זֵייעֶר גָאט, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא נִיט הֶעלְפֶען דוּרְךְ אַ בּוֹיגֶען אוּנְד שְׁוֶוערְד אוּנְד מִלְחָמָה, אָדֶער מִיט פֶערְד אוּנְד רֵייטֶער:

8 אוּנְד וֶוען זִיא הָאט אָפְּגֶעוֵוינְט דִיא לֹא רֻחָמָה, אַזוֹי אִיז זִיא וִוידֶער טְרָאגֶעדִיג גֶעוָוארֶען אוּנְד זִיא הָאט גֶעוְואוּנֶען אַ זוּהְן:

9 אוּנְד עֶר (גָאט) הָאט גֶעזָאגְט, רוּף זַיין נָאמֶען לֹא עַמִי, וָוארִין אִיהְר זֶענְט נִיט מֵיין פָאלְק, אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט זַיין אֵייעֶר (גָאט):

קאפּיטעל ב

1 אוּנְד דָאךְ וֶועט זַיין דִיא צָאהְל פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַזוֹי וִויא דֶער זַאמְד פוּן דֶעם יָם וָואס קֶען נִיט גֶעמָאסְטֶען אוּנְד נִיט גֶעצֵיילְט וֶוערֶען, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אוֹיף דֶעם אָרְט אַוְואוּ עֶס אִיז צוּ זֵייא גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען (לֹא עַמִי) אִיהְר זֶענְט נִיט מֵיין פָאלְק, וֶועט מֶען צוּ זֵייא זָאגֶען, אִיהְר זֶענְט דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט:

2 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועלֶען זִיךְ צוּזַאמֶען פֶערְזַאמֶעלְן, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען פַאר זִיךְ מַאכֶען אֵיין הוֹיפְּטְמַאן, אוּנְד

זייא

זַייא װֶעלֶען אַרױפְגֵיין פוּן דֶעם לַאנְד,
װָארִין דֶער טָאג פוּן יִזְרְעֶאל װֶעט זֵיין
גְרױס :
3 זָאגְט צוּ אֵײיעֶרֶע בְּרִידֶער עַמִי, (אָ
מֵיין פָאלְק !) אוּנְד צוּ אֵײיעֶרֶע שְׁװֶעסְטֶערְן
רֻחָמָה !
4 קְרִיגְט אֵײךְ מִיט אֵײיעֶרֶע מוּטֶער,
קְרִיגְט אֵײךְ ! װָארִין זִיא אִיז נִיט
מֶעהְר מֵיין װַײבּ, אוּנְד אִיךְ בִּין נִיט
מֶעהְר אִיהְר מַאן, כְּדֵי זִיא זָאל אָפְּטְהוּן
אִיהְר זְנוּת פוּן אִיהְר פָּנִים, אוּנְד אִיהְר
נִיאוּף פוּן צְװִישֶׁען אִיהְרֶע בְּרִיסְטֶען :
5 טָאמֶער װֶעל אִיךְ זִיא אױסְטְהוּן
נַאקֶעט אוּנְד װֶעל זִיא אַהִינְשְׁטֶעלֶען
אַזױ װִיא אִין דֶעם טָאג װֶען זִיא אִיז
גֶעבּוֹירֶען גֶעװָארֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל
זִיא מַאכֶען אַזױ װִיא דִיא מִדְבָּר, אוּנְד
װֶעל זִיא מַאכֶען אַזױ װִיא אַ פֶערְדַארְ־
טֶעס לַאנְד, אוּנְד אִיךְ װֶעל זִיא טֵייטֶען
דוּרְךְ דוּרְשְׁט :
6 אוּנְד אִיבֶּער אִיהְרֶע קִינְדֶער װֶעל
אִיךְ מִיךְ אױךְ נִיט דֶערְבַּארְמֶען, װָארִין
זַייא זֶענֶען קִינְדֶער פוּן זְנוּת :
7 װַײל זֵייעֶרֶע מוּטֶער הָאט זִיךְ מְזַנֶה
גֶעװֶעזֶען אַזױ הָאט זִיךְ דִיא װָאס אִיז
מִיט זַייא טְרָאגֶעדִיג גֶעװָארֶען שֶׁענְדְלִיךְ
אױפְגֶעפִיהְרְט, װָארִין זִיא הָאט גֶעזָאגְט,
אִיךְ װֶעל נָאכְגֵיין מֵיינֶע לִיבְּהָאבֶּערְס
װָאס גֶעבֶּען מִיר מֵיין בְּרױט אוּנְד
מֵיין װַאסֶער, מֵיינֶע װָאל אוּנְד מֵיין
פְלַאקְס, מֵיין בּױמְאֵייל, אוּנְד מֵיין גֶעְ־
טְרַאנְק :
8 דַארוּם, זֶעה, אִיךְ װֶעל דֵיין װֶעג
פֶערְצױמֶען מִיט דֶערְנֶער, אוּנְד אִיךְ
װֶעל אַזױ פֶערְצױמֶען אִיהְר צױם כְּדֵי
זִיא זָאל נִיט גֶעפִינֶען אִיהְרֶע שְׁטֶעגֶען :
9 אוּנְד זִיא װֶעט נָאכְגֵיין אִיהְרֶע
לִיבְּהָאבֶּערְס אָבֶּער זִיא װֶעט זַייא נִיט
דֶערְגְרֵייכֶען, זִיא װֶעט זַייא זוּכֶען
אָבֶּער נִיט גֶעפִינֶען, דֶערְנָאךְ װֶעט זִיא
זָאגֶען, אִיךְ װֶעל גֵיין אוּנְד צוּרִיקְ־
קֶעהְרֶען צוּ מֵיין עֶרְשְׁטֶען מַאן, װָארִין
עֶס אִיז מִיר דֶענְסְטְמָאל בֶּעסֶער
גֶעװֶעזֶען װִיא אַצוּנְד :
10 אָבֶּער זִיא הָאט נִיט גֶעװְאוּסְט אַז
אִיךְ הָאבּ צוּ אִיהְר גֶעגֶעבֶּען דָאס
קָארְן, אוּנְד דֶעם װַיין, אוּנְד דָאס
אֵייל, אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אִיהְר פֶערְ־
מֶעהְרְט דָאס זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד, װָאס
זִיא הָאט מַקְרִיב גֶעװֶעזֶען צוּ בָּעַל :
11 דַארוּם װֶעל אִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען
אוּנְד אִיךְ װֶעל אַװֶעקְנֶעמֶען מֵיין קָארְן
אִין זֵיינֶע צֵייט, אוּנְד (אױךְ) מֵיין װַיין
אִין זֵיינֶע בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייט, אוּנְד אִיךְ
װֶעל אָפְּטְהוּן מֵיינֶע װָאל אוּנְד מֵיין
פְלַאקְס (װָאס זִיא הָאט גֶעהַאט) צוּ צוּ־
דֶעקֶען אִיהְר שַׁאנְד :
12 אוּנְד אַצוּנְד װֶעל אִיךְ עֶנְטְפְּלֶעקֶען
אִיהְרֶע שַׁאנְד פַאר דִיא אױגֶען פוּן
אִיהְרֶע לִיבְּהָאבֶּערְס, אוּנְד קֵיינֶער װֶעט
זִיא נִיט קֶענֶען מַצִיל זֵיין פוּן מֵיינֶע
הַאנְד :
13 אוּנְד אִיךְ װֶעל פֶערשְׁטֶערֶען אִיהְרֶע
פְרֵייד אוּנְד אִיהְר פֵייעֶרְטָאג, אוּנְד
אִיהְרֶע רָאשֵׁי חָדָשִׁים, אוּנְד אִיהְרֶע
שַׁבָּתִים, אוּנְד אַלֶע אִיהְרֶע יָמִים טוֹבִים :
14 אוּנְד אִיךְ װֶעל פֶערְװִיסְטֶען אִיהְר
װַיינְשְׁטָאק אוּנְד אִיהְרֶע פֵייגֶענְבֵּיימֶער
פוּן װֶעלְכֶע זִיא הָאט גֶעזָאגְט, זַייא
זֶענֶען אַ מַתָּנָה װָאס מֵיינֶע לִיבְּהָאבֶּערְס
הָאבֶּען צוּ מִיר גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד אִיךְ
װֶעל זַייא מַאכֶען צוּ אַ װַאלְד, אוּנְד
דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד װֶעלֶען זַייא
אױפְעֶסֶען :



אוּנְד

15 אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיף אִיהְר בְּרֶענְ־
גֶען דִיא שְׁטְרָאף וֶועגֶען דִיא טֶעג פוּן
דִיא בְּעָלִים וָואס זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא
גֶערֵייכֶערְט, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶער־
צִירְט מִיט אִיהְר נָאזְרִינְג אוּנְד מִיט
אִיהְר שְׁמוּק, אוּנְד זִיא אִיז נָאכְגֶעגַאנְגֶען
נָאךְ אִיהְרֶע לִיבְּהָאבֶּערְס, אָבֶּער מִיךְ
הָאט זִיא פֶערְגֶעסֶען, זָאגְט גָאט:
16 דַארוּם, זֶעה, אַזוֹי וֶועל אִיךְ זִיא
אִיבֶּערְרֶעדֶען אוּנְד וֶועל זִיא פִיהְרֶען
אִין דֶער מִדְבָּר אַרֵיין, אוּנְד אִיךְ וֶועל
רֶעדֶען צוּ אִיהְר הַארְץ:
17 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ אִיהְר גֶעבֶּען
פוּן דָארְטֶען אִיהְרֶע ווֵיינְגֶערְטֶען, אוּנְד
דָאס טְהָאל עָכוֹר פַאר אַ טִיעֶר פוּן
הָאפְנוּנְג, אוּנְד זִיא וֶועט דָארְטֶען
זִינְגֶען אַזוֹי ווִיא אִין דִיא טֶעג פוּן
אִיהְרֶע יוּגֶענְד, אוּנְד ווִיא אִין דֶעם טָאג
וֶוען זִיא אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם:
18 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען טָאג, זָאגְט גָאט, אַזוֹי וֶועסְט
דוּא מִיךְ רוּפֶען אִישִׁי, מֵיין מַאן, אוּנְד
דוּא וֶועסְט מִיךְ נִיט מֶעהְר רוּפֶען
בַּעֲלִי:
19 וָוארִין אִיךְ וֶועל אַוֶועקְטְהוּן, פוּן
דֵיין מוֹיל דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא בְּעָלִים,
אוּנְד זֵייא זָאלֶען נִיט מֶעהְר גֶעדַאכְט
וֶוערֶען בֵּייא זֵייעֶרֶע נֶעמֶען:
20 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִין דֶעם דָאזִיגֶען
טָאג פַאר זֵייא כּוֹרֵת בְּרִית זַיין מִיט
דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד מִיט
דִיא פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד מִיט
דִיא ווִירְמוּנְג פוּן דֶער עֶרְד; אוּנְד
דֶעם בּוֹיגֶען, אוּנְד דָאס שְׁוֶוערְד, אוּנְד
דִיא מִלְחָמָה וֶועל אִיךְ צוּבְּרֶעכֶען
(מְבַטֵל זַיין) פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד אִיךְ
וֶועל זֵייא מַאכֶען ווָאוֹינֶען אִין זִיכֶערְ־
הַייט:
21 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ צוּ מִיר פֶערְ־
קְנַאסֶען אוֹיף אֵייבִּיג, אִיךְ וֶועל דִיךְ
צוּ מִיר פֶערקְנַאסֶען דוּרְךְ גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט אוּנְד דוּרְךְ מִשְׁפָּט, אוּנְד דוּרְךְ
חֶסֶד אוּנְד בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט:
22 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ צוּ מִיר פֶערְ־
קְנַאסֶען דוּרְךְ דֶער אֱמוּנָה אוּנְד דוּא
וֶועסְט דֶערְקֶענֶען דֶעם הַאר (גָאט):
23 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעם
דָאזִיגֶען טָאג אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיר עֶנְטְ־
פֶערְן, זָאגְט גָאט, אִיךְ וֶועל עֶנְטְפֶערְן
דִיא הִימֶעלְן, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען עֶנְטְפֶערְן
דִיא עֶרְד:
24 אוּנְד דִיא עֶרְד וֶועט עֶנְטְפֶערְן
דָאס קָארְן אוּנְד דֶעם ווֵיין אוּנְד דָאס
אֵייל, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען עֶנְטְפֶערְן דֶעם
יִזְרְעֶאל:
25 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא פַאר מִיר זֵייעֶן
אִין דֶער עֶרְד, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ
דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער לֹא רֻחָמָה, אוּנְד
אִיךְ וֶועל זָאגֶען צוּ לֹא עַמִי, דוּא בִּיזְט
מֵיין פָאלְק, אוּנְד עֶר וֶועט זָאגֶען, דוּא
בִּיזְט מֵיין גָאט:

קאפיטעל ג.

1 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
גֵייא נָאכְאַמָאל, אוּנְד הָאבּ לִיבּ אַ
ווֵייבּ, וָואס אִיז גֶעלִיבְּט בֵּייא אַ פְרֵיינְד,
(אוּנְד דָאךְ אִיז זִיא) אַ מְנַאֵף, אַזוֹי
ווִיא גָאט לִיבְּט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
חָאטְשֶׁע זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט
צוּ אַנְדֶערֶע גֶעטֶער, אוּנְד לִיבֶּען ווֵיין
פְלַאשֶׁען:
2 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ זִיא פַאר מִיר גֶעקוֹיפְט
פַאר פוּפְצֶעהְן שֶׁקֶל זִילְבֶּער, אוּנְד אַ
חוֹמֶר גֶערְשְׁט, אוּנְד אַ לֶתֶךְ גֶערְשְׁט:

3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, זִיא זָאל בַּייא מִיר בְּלֵייבֶּען פִיל טֶעג, דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט מְזַנֶּה זֵיין, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ נִיט זֵיין צוּ אֵיין אַנְדֶערְן מַאן, אוּנְד אַזוֹי וֶועל אִיךְ אוֹיךְ זֵיין צוּ דִיר:

4 וָוארִין דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וֶועלֶען בְּלֵייבֶּען פִיל טֶעג אָהְן אַ מֶלֶךְ, אוּנְד אָהְן אַ פִירְשְׁט, אוּנְד אָהְן אַ קָרְבָּן, אוּנְד אָהְן אַ מַצֵּבָה, אוּנְד אָהְן אֵיין אֵפוֹד אוּנְד תְּרוּפִים:

5 דֶערְנָאךְ וֶועלֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וִוידֶערְקֶעהְרֶען אוּנְד זוּכֶען דֶעם הַאר זֵייעֶר גָאט, אוּנְד זֵייעֶר מֶלֶךְ דָוִד, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען מוֹרָא הָאבֶּען פַאר גָאט אוּנְד פַאר זֵיין גוּטִקַייט, אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג:

## קאפיטעל ד

1 הֶערְט דָאס וָוארְט פוּן גָאט, אָ אִיהְר קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, וָוארִין גָאט הָאט אַ קְרִיג מִיט דִיא בֶּעווָאוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד, ווייל עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנְדֶען קֵיין אֱמֶת, אוּנְד קֵיין חֶסֶד, אוּנְד קֵיינֶע דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן גָאט אִין דֶעם לַאנְד:

2 גֵייעֶרְט מֶען שְׁוֶוערְט פַאלְשׁ, מֶען לֵייקֶענְט, אוּנְד מֶערְדֶערְט, אוּנְד גַנְבֶ'ת, אוּנְד מֶען אִיז מְנַאֵף, אוּנְד זֵייא בְּרֶעכֶען אוֹיס שְׁטַארְק, אוּנְד בְּלוּט רִיהְרְט אָן בְּלוּטשׁוּלְד:

3 דַארִיבֶּער וֶועט דָאס לַאנְד טְרוֹיעֶרְן, אוּנְד אַלֶע בֶּעווָאוֹינֶער דֶערְפוּן וֶועלֶען פֶערְשְׁמַאכְטֶען, (צוּזַאמֶען) מִיט דִיא חיות פוּן דֶעם פֶעלְד אוּנְד מִיט דִיא פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד דִיא פִישׁ פוּן דֶעם יַם וֶועלֶען אוֹיךְ אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט (פֶערְדַארְבֶּען) וֶוערֶען:

4 דָאךְ לָאז זִיךְ קֵיין מֶענְשׁ נִיט קְרִיגֶען, אוּנְד לָאז קֵיינֶער נִיט שְׁטְרָאפֶען, אָבֶּער דֵיין פָאלְק אִיז וִויא אֵיינֶער וָואס קְרִיגְט זִיךְ מִיט דֶעם כּוֹהֵן:

5 דַארִיבֶּער וֶועסְט דוּא גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען בַּייא טָאג, אוּנְד דֶער נָבִיא וֶועט אוֹיךְ מִיט דִיר גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען אִין דֶער נַאכְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל דֵיינֶע מוּטֶער מַאכֶען שְׁווייגֶען (אָדֶער פֶערְטִילְגֶען):

6 מֵיין פָאלְק אִיז פֶערְטִילְגְט ווייל זֵייא הָאבֶּען קֵיינֶע וִויסֶענְשַׁאפְט, ווייל דוּא הָאסְט פֶערְוָוארְפֶען דִיא וִויסֶענְשַׁאפְט אַזוֹי הָאבּ אִיךְ דִיךְ פֶערְוָוארְפֶען אַז דוּא זָאלְסְט נִיט מֶעהְר זֵיין אַ כּוֹהֵן צוּ מִיר, אוּנְד ווייל דוּא הָאסְט פֶערְגֶעסֶען דִיא תּוֹרָה פוּן דֵיין גָאט אַזוֹי וֶועל אִיךְ אוֹיךְ דֵיינֶע קִינְדֶער פֶערְגֶעסֶען:

7 אַזוֹי וִויא זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעמֶעהְרְט אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא קֶעגֶען מִיר גֶעזִינְדִיגְט, דַארִיבֶּער וֶועל אִיךְ זֵייעֶר כָּבוֹד אִין שַׁאנְד פֶערְטוּישֶׁען:

8 דִיא זִינְד (אָפְּפֶער) פוּן מֵיין פָאלְק עֶסֶען זֵייא אוֹיף, אוּנְד צוּ זֵייעֶרֶע זִינְד הֵייבֶּען זֵייא אוֹיף זֵייעֶר פֶערְלַאנְגֶען:

9 אוּנְד אַזוֹי וֶועט דָאס פָאלְק זֵיין אַזוֹי וִויא דֶער כּוֹהֵן, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיף אִיהְם בֶּעשְׁטְרָאפֶען זֵיינֶע וֶועגֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם בֶּעצָאהְלֶען פוּן וֶועגֶען זֵיירֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים:

10 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען עֶסֶען אָבֶּער נִיט זַאט וֶוערֶען, זֵייא וֶועלֶען מְזַנֶּה זֵיין אָבֶּער נִיט אוֹיסְבְּרֵייטֶען, (נִיט פֶערְמֶעהְרֶען) וָוארִין זֵייא הָאבֶּען פֶערְלָאזֶען גָאטְ'ס הִיטוּנְג:

11 זְנוּת אוּנְד וויין, אוּנְד שְׁטַארְקֶער וויין גֶעמְט אַוֶועק דָאס הַאַרְץ:

12 מֵיין פָֿאלְק פְֿרֶעגְט (נֶעמְט) אָן בֵּייא
זֵיין הָאלְץ, אוּנְד דוּרְךְ זֵיין שְׁטֶעקֶען
זָאגְט מֶען עֶס אִיהְם אָן, וָוארִין דֶער גֵייסְט
פוּן זְנוּת הָאט זֵייא פֶֿערְפִֿיהְרְט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ מְזַנֶּה גֶעוֶועזֶען פוּן
הִינְטֶער זֵייעֶר גָאט:

13 אוֹיף דִיא שְׁפִּיץ פוּן דִיא בֶּערְג
הָאבֶּען זֵייא מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען קָרְבָּנוֹת,
אוּנְד אוֹיף דִיא הֵייךְ הָאבֶּען זֵייא
גֶערֵייכֶערְט, אוּנְטֶער דִיא בֵּיימֶער אֵלוֹן
אוּנְד לִבְנֶה אוּנְד אֵלָה, וֵוייל זֵייעֶר
שָׁאטֶען אִיז גוּט, דַארִיבֶּער טְהוּן זִיךְ
אֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער מְזַנֶּה זֵיין, אוּנְד אֵייעֶרֶע
שְׁנִירְ׳ס טְהוּעֶן מְנַאֵף זֵיין:

14 אִיךְ וֶועל נִיט אֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער
בֶּעשְׁטְרָאפֶֿען וֶוען זֵייא וֶועלֶען מְזַנֶּה
זֵיין, אָדֶער אֵייעֶרֶע שְׁנִירְ׳ס וֶוען זֵייא
וֶועלֶען מְנַאֵף זֵיין, וָוארִין זֵייא זֶענֶען
אָפְּגֶעשֵׁייט מִיט דִיא זוֹנוֹת, אוּנְד מִיט דִיא
קְדֵשִׁים טְהוּעֶן זֵייא מַקְרִיב זֵיין קָרְבָּנוֹת,
דַארוּם וֶועט דָאס פָֿאלְק וָואס טְהוּט
נִיט פֶֿערְשְׁטֵיין פַֿאלֶען (שְׁטְרוֹיכְלֶען):

15 וֶוען דוּא יִשְׂרָאֵל בִּיזְט דִיךְ מְזַנֶּה,
לָאז דָאךְ יְהוּדָה נִיט בֶּעשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען,
אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט קוּמֶען נָאךְ
גִלְגָל, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט אַרוֹיפְֿגֵיין
נָאךְ בֵּית אָוֶן, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ
נִיט שְׁוֶוערֶען אַז גָאט לֶעבְּט:

16 וָוארִין יִשְׂרָאֵל הָאט אָפְּגֶעקֶעהְרְט
וִויא אַ וִוידֶערשְׁפֶּענִיגֶע קוּה, אַצוּנְד
וֶועט זֵייא גָאט וֵוייִדֶען אַזוֹי וִויא אַ
לֶעמֶעלֶע אוֹיף אַ בְּרֵייטֶען אָרְט:

17 אֶפְרַיִם הָאט זִיךְ בֶּעהֶעפְּט צוּ
אָפְּגֶעטֶער, לָאז אִיהְם צוּ רוּה:

18 זֵייעֶר אַלְטֶער וַויין אִיז זוֹיעֶר, זֵייא
זֶענֶען זִיךְ אִימֶער מְזַנֶּה, זֵייעֶרֶע לִיבְּ־
הָאבֶּערְס וָואס זֶענֶען זֵייעֶרֶע בֶּעשִׁיצֶערְ׳ס,
בְּרֶענְגֶען שַׁאנְד:

19 דֶער וִוינְד הָאט זֵייא גֶעבּוּנְדֶען
אִין אִיהְרֶע פְלִיגֶעלְן, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען
זִיךְ שֶׁעמֶען פוּן וֶועגֶען זֵייעֶרֶע קָרְבָּנוֹת:

קאפיטעל ה

1 הֶערְט דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט אָ אִיהְר
כּוֹהֲנִים, אוּנְד פֶֿערְנֶעמְט עֶס אִיהְר
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אוֹיךְ אִיהְר
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דֶעם מֶלֶךְ פֶֿערְנֶעמְט
עֶס, וָוארִין צוּ אֵייךְ אִיז דָאס מִשְׁפָּט,
וֵוייל אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען פַֿאר אַ נֶעץ
אִין מִצְפָּה אוּנְד אֵיין אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייטֶעס
נֶעץ אִיבֶּער תָּבוֹר:

2 אוּנְד זֵייא זֶענֶען דוּרְךְ זֵייעֶרֶע
נַארִישְׁקֵייטֶען טִיף גֶעוֶועזֶען, חָאטְשֶׁע
אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אַ מוּסָר, אַ שְׁטְרָאף
צוּ אַלֶע:

3 אִיךְ קֶען דָאךְ אֶפְרַיִם, אוּנְד יִשְׂרָאֵל
אִיז נִיט פֶֿערְהוֹילֶען פוּן מִיר, וָוארִין
(גְרָאד) אַצוּנְד הָאסְט דוּא אֶפְרַיִם מְזַנֶּה
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד יִשְׂרָאֵל אִיז טָמֵא
גֶעוָוארֶען:

4 זֵייא ווִילֶען נִיט נָאכְגֶעבֶּען זֵייעֶרֶע
בֵּייזֶע מַעֲשִׂים כְּדֵי צוּרִיק צוּקֶעהְרֶען
צוּ זֵייעֶר גָאט, וָוארִין אַ רוּחַ פוּן זְנוּת
אִיז צְוִוישֶׁען זֵייא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
נִיט דֶערְקֶענְט גָאט:

5 אָבֶּער דִיא גַאוָה פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועט
פַֿאר זֵיין פָּנִים אוּנְטֶערְטֶענִיג וֶוערֶען,
אוּנְד יִשְׂרָאֵל אוּנְד אֶפְרַיִם וֶועלֶען
שְׁטְרוֹיכְלֶען דוּרְךְ זֵייעֶרֶע זִינְד, יוֹא, אוֹיךְ
יְהוּדָה וֶועט מִיט זֵייא שְׁטְרוֹיכְלֶען:

6 זֵייא זָאלֶען גֵיין מִיט זֵייעֶרֶע שָׁאף
אוּנְד מִיט זֵייעֶרֶע רִינְדֶער כְּדֵי גָאט צוּ
זוּכֶען, אָבֶּער זֵייא וֶועלֶען אִיהְם נִיט
גֶעפִֿינֶען, עֶר הָאט זִיךְ פוּן זֵייא
אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט:

7 זֵייא הָאבֶּען גֶעפֶּעלְשְׁט אַן גָאט, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעווִינֶען פְרֶעמְדֶע קִינְדֶער, אַצוּנְד וֶועט זֵייא אֵיין חוֹדֶשׁ פֶערְצֶעהְרֶען מִיט זֵיירֶע חֲלָקִים:
8 בְּלָאזְט שׁוֹפָר אִין גִבְעָה, דִיא טְרָאמְפֵּייט אִין רָמָה, שַׁאלְט אִין בֵּית אָוֶן, הִינְטֶער בִּנְיָמִין:
9 אֶפְרַיִם וֶועט וֶוערֶען צוּ אֵיינֶע פֶערְווִיסְטוּנְג אִין דֶעם טָאג פוּן שְׁטְרָאף, אִיךְ הָאבּ עֶס מִיט טְרֵייהֵייט בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט אִין דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל (וָואס וֶועט זֵיין):
10 דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן יְהוּדָה זֶענֶען גֶעוָוארֶען ווִיא דִיא וָואס רִיקֶען אַוֶועק דִיא גְרֶענֶעץ, אִיךְ וֶועל אִיבֶּער זֵייא אוֹיסְגִיסֶען מֵיין גְרִימְצָארְן אַזוֹי ווִיא וַואסֶער:
11 אֶפְרַיִם אִיז אוּנְטֶערְדְרִיקְט, אוּנְד צוּשְׁטוֹיסֶען אִין דֶעם מִשְׁפָּט, ווֵייל עֶר הָאט גֶעוָואלְט נָאכְגֵיין נָאךְ דֶעם (פַאלְשֶׁען) גֶעבָּאט:
12 דַארוּם וֶועל אִיךְ זֵיין צוּ אֶפְרַיִם ווִיא אַ מִילְבּ, אוּנְד אַזוֹי ווִיא פֶערְפוֹילְטֶעס צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יְהוּדָה:
13 וֶוען אֶפְרַיִם הָאט אֵיינְגֶעזֶעהֶען זֵיינֶע קְרַאנְקְהֵייט, אוּנְד יְהוּדָה זֵיינֶע ווֵייטָאג, אַזוֹי אִיז אֶפְרַיִם אַהִינְגֶעגַאנְגֶען צוּ אַשּׁוּר, אוּנְד צוּ דֶעם מֶלֶךְ יָרֵב, אָבֶּער עֶר הָאט אֵייךְ נִיט גֶעקֶענְט הֵיילֶען, אוּנְד עֶר קֶען אוֹיךְ נִיט פוּן אֵייךְ אַוֶועק טְהוּן דִיא ווֵייטָאג:
14 וָוארִין אִיךְ וֶועל זֵיין צוּ אֶפְרַיִם אַזוֹי ווִיא אַ לֵייבּ, אוּנְד ווִיא אַ יוּנְגֶער לֵייבּ צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יְהוּדָה, אִיךְ–יוֹא אִיךְ אַלֵיין וֶועל צוּרֵייסֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אַוֶועקְגֵיין, אִיךְ וֶועל אַוֶועקְטְרָאגֶען אוּנְד קֵיינֶער וֶועט נִיט מַצִיל זֵיין:
15 אִיךְ וֶועל גֵיין אוּנְד צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ מֵיין אָרְט בִּיז זֵייא וֶועלֶען דֶערְקֶענֶען זֵיירֶע שׁוּלְד אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זוּכֶען מֵיין פָּנִים, וֶוען עֶס וֶועט זֵייא זֵיין עֶנְג דֶענְסְטְמָאל וֶועלֶען זֵייא מִיךְ פְרִיה זוּכֶען:

## קאפיטעל ו

1 קוּמְט אוּנְד לָאמֶער צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ גָאט, וָוארִין עֶר הָאט (אוּנְס) צוּרִיסֶען אָבֶּער עֶר וֶועט אוּנְס הֵיילֶען, עֶר הָאט אוּנְס גֶעשְׁלָאגֶען אָבֶּער עֶר וֶועט אוּנְס ווִידֶער פֶערְבִּינְדֶען:
2 נָאךְ צְווֵייא טֶעג וֶועט עֶר אוּנְס דֶערְקְווִיקֶען, אוּנְד אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג וֶועט עֶר אוּנְס אוֹיפְרִיכְטֶען אוּנְד מִיר וֶועלֶען פַאר אִיהְם לֶעבֶּען:
3 אוּנְד מִיר וֶועלֶען ווִיסֶען, וֶוען מִיר וֶועלֶען נָאכְיָאגֶען גָאט צוּ דֶערְקֶענֶען, אַזוֹי ווִיא דֶער אוֹיסְגַאנְג פוּן דֶעם מָארְגֶענְשְׁטֶערְן וָואס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט, אוּנְד עֶר וֶועט קוּמֶען צוּ אוּנְס אַזוֹי ווִיא דֶער רֶעגֶען, אוּנְד אַזוֹי ווִיא דֶער שְׁפֶּעט־רֶעגֶען וָואס בֶּעוַואסֶערְט דִיא עֶרְד:
4 וָואס זָאל אִיךְ צוּ דִיר טְהוּן, אוֹי אֶפְרַיִם? וָואס זָאל אִיךְ צוּ דִיר טְהוּן אוֹי יְהוּדָה? וָוארִין אֵייעֶר חֶסֶד אִיז נָאר אַזוֹי ווִיא דֶער פְרִיה־מָארְגֶענְדִיגֶער וָואלְקֶען, אוּנְד ווִיא דֶער טְהוֹי וָואס פֶערְגֵייט אִין דֶער פְרִיה:
5 דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ זֵייא גֶעהַאקְט דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים, אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעהַרְגֶ'ת דוּרְךְ דִיא וֶוערְטֶער פוּן מֵיין מוֹיל, אוּנְד דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים זָאלֶען אוֹיפְגֵיין ווִיא אַ לִיכְט:

6 וָוארִין אִיךְ הָאבּ פֶערלַאנְגְט חֶסֶד
אוּנְד נִיט קֵיין קָרְבָּנוֹת, אוּנְד דִיא
ווִיסֶענְשַׁאפְט פוּן גָאט מֶעהְר ווִיא
קָרְבָּן עוֹלוֹת:
7 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען
מֵיין בְּרִית אַזוֹי ווִיא גֶעווֶעהנְלִיכֶע מֶענְ־
שֶׁען, דָארְט הָאבֶּען זֵייא קֶעגֶען מִיר
גֶעפֶעלְשְׁט:
8 גִלְעָד אִיז אַ שְׁטָאט אַווְאוּ מֶען
טְהוּט אוּמְרֶעכְט, אוּנְד אִיז פֶערְקְרִימְט
ווֶעגֶען בְּלוּט־שׁוּלְד:
9 אוּנְד אַזוֹי ווִיא אַ בַּאנְדֶע רֵייבֶּער
לוֹיעֶרְן אוֹיף אַ מֶענְשׁ, אַזוֹי טְהוּן עֶס
דִיא חַבְרוּתָה פוּן דִיא כּוֹהֲנִים, זֵייא
מָארְדֶען אוֹיף דֶעם ווֶעג נָאךְ שְׁכֶם,
וָוארִין זֵייא טְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס:
10 אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ שׁוֹידֶערְ־
הַאפְטֶע זַאךְ אִין דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל, דָארְט הָאט זִיךְ אֶפְרַיִם מְזַנֶה
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ מְטַמֵא
גֶעוֶועזֶען:
11 אוֹיךְ פַאר דִיר, אוֹי יְהוּדָה אִיז אַ
שְׁנִיט־צֵייט בֶּעשְׁטִימְט, ווֶען אִיךְ ווֶעל
צוּרִיקבְּרֶענְגֶען דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן
מֵיין פָאלְק:

קאפיטעל ז

1 ווֶען אִיךְ ווֶעל יִשְׂרָאֵל הֵיילֶען אַזוֹי
ווֶעט דִיא זִינְד פוּן אֶפְרַיִם עֶנְטְפְּלֶעקְט
ווֶערֶען, אוֹיךְ דִיא שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט פוּן
שֹׁמְרוֹן, וָוארִין זֵייא ווֶערְקֶען נָאר
פַאלְשְׁקֵייט, אוּנְד דֶער גַנָב קוּמְט
אַרֵיין, אוּנְד אַ (רוֹיבֶּער) מַחֲנֶה פֶער־
שְׁפְּרֵייט זִיךְ דְרוֹיסֶען:
2 אוּנְד זֵייא טְרַאכְטֶען נִיט אִין זֵייעֶר
הַארְץ דָאס אִיךְ גֶעדֶענְק אַלֶע זֵיירֶע
שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, אַצוּנְד הָאבֶּען זֵייא
אַרוּמְגֶערִינְגְט זֵיירֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים, זֵייא
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פַאר מֵיין פָּנִים:
3 אִין זֵיירֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייטֶען פְרֵייט
זִיךְ דֶער מֶלֶךְ, אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען אִין
זֵיירֶע לִיגֶען:
4 זֵייא זֶענֶען אַלֶע נוֹאֲפִים, אַזוֹי ווִיא
אַיין בַּאק־אוֹיפֶען ווֶערְט אָנְגֶעצוּנְדֶען
פוּן דֶעם בֶּעקֶער, וָואס רוּהְט נָאר פוּן
אוֹיפְווֶעקֶען, אוּנְד קְנֶעט דֶעם טֵייג בִּיז
עֶס ווֶערְט זוֹיעֶר:
5 אִין דֶעם טָאג פוּן אוּנְזֶער קֶענִיג,
זֶענֶען דִיא פִירְשְׁטֶען קְרַאנְק גֶעוָוארֶען
פוּן דֶער הִיץ ווֶעגֶען דֶעם ווַיין, עֶר
הָאט זֵיינֶע הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט צוּ
דִיא שְׁפֶּעטֶער:
6 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען נָאהֶענְט גֶעמַאכְט
זֵיירֶע הֶערְצֶער ווִיא אַיין אוֹיפֶען, ווַייל
זֵייא הָאבֶּען גֶעלוֹיעֶרְט, זֵיירֶע בֶּעקֶערְס
הָאבֶּען גֶעשְׁלָאפֶען דִיא גַאנְצֶע נַאכְט,
אִין דֶעם פְרִיה־מָארְגֶען בְּרֶענְט עֶר
אַזוֹי ווִיא אַ פֵייעֶר־פְלַאם:
7 זֵייא אַלֶע דֶערְהִיצֶען זִיךְ אַזוֹי ווִיא
אַיין אוֹיפֶען, אוּנְד זֵייא פֶערְבְּרֶענְגֶען
זֵיירֶע שׁוֹפְטִים, אַלֶע זֵיירֶע מְלָכִים
זֶענֶען גֶעפַאלֶען, קֵיינֶער פוּן זֵייא הָאט
צוּ מִיר גֶערוּפֶען:
8 אֶפְרַיִם ווֶעט צוּמִישְׁט ווֶערֶען צְווִישֶׁען
אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער, אֶפְרַיִם אִיז גֶעוָוא־
רֶען ווִיא אַ קוּכֶען וָואס אִיז נִיט
אוּמְגֶעקֶעהְרְט גֶעוָוארֶען:
9 פְרֶעמְדֶע עֶסֶען אוֹיף זֵיין כּוֹחַ, אוּנְד
עֶר ווֵייס עֶס נִיט, יוֹא ווֶען אוֹיךְ
עֶלְטֶער אוּנְד שְׁוַואכְהֵייט אִיז צוּ אִיהְם
אָנְגֶעקוּמֶען, דָאךְ הָאט עֶר עֶס נִיט
גֶעווָואוּסְט:
10 חָאטְשֶׁע דִיא גַאוָה פוּן יִשְׂרָאֵל
ווֶעט פַאר זֵיין פָּנִים אוּנְטֶערְטֶענִיג
ווֶערֶען, פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען הָאבֶּען זֵייא

זִיךְ נִיט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ יְהוָֹה זֵייעֶר
גָאט, אוּנְד אִין דֶעם אַלֶעם הָאבֶּען
זֵייא אִיהְם נִיט גֶעזוּכְט (אָדֶער אָנְגֶע־
בֶּעטֶען) :
11 אוּנְד אֶפְרַיִם אִיז גֶעוָוארֶען, אַזוֹי
וִויא אַ נַארִישֶׁע טוֹיבּ וָואס הָאט קֵיין
הַארְץ, זֵייא הָאבֶּען גֶערוּפֶען מִצְרַיִם,
זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען נָאךְ אַשּׁוּר :
12 אַז זֵייא וֶועלֶען אַהִינְגֵיין אַזוֹי וֶועל
אִיךְ אִיבֶּער זֵייא אוֹיסשְׁפְּרֵייטֶען מֵיין
נֶעץ, אִיךְ וֶועל זֵייא אַרוּנְטֶערבְּרֶענְגֶען
אַזוֹי וִויא פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל,
אִיךְ וֶועל זֵייא בֶּעשְׁטְרָאפֶען אַזוֹי וִויא
מֶען הָאט עֶס גֶעלָאזְט הֶערֶען צוּ זֵייעֶרֶע
פֶערְזַאמְלוּנְגֶען :
13 אוֹי וֵויא צוּ זֵייא ! וָוארִין זֵייא
זֶענֶען פֶערְוָואגֶעלְט גֶעוָוארֶען פוּן מִיר,
אֵיין אוּנְגְלִיק אִיז צוּ זֵייא וֵוייל זֵייא
הָאבֶּען קֶעגֶען מִיר גֶעזִינְדִיגְט ! אִיךְ
הָאבּ זֵייא גֶעוָואלְט אוֹיסְלֵייזֶען, אָבֶּער
זֵייא הָאבֶּען אִיבֶּער מִיר לִיגֶען גֶערֶעט :
14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט צוּ מִיר
גֶעשְׁרִיגֶען מִיט זֵייעֶר הַארְץ, וֶוען זֵייא
הָאבֶּען גֶעקְלָאגְט אוֹיף זֵייעֶר גֶעלֶעגֶער,
וֶועגֶען דֶעם קָארְן אוּנְד וַויין וָואס זֵייא
הָאבֶּען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אִין זֵייעֶרֶע שֵׁייעֶרְס
הָאבֶּען זֵייא זִיךְ פוּן מִיר אָפְּגֶעקֶעהְרְט :
15 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעשְׁטְרָאפְּט
(אוּנְד דֶערְמִיט) הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט
זֵייעֶרֶע אָרֶעמְס, אוּנְד דָאךְ הָאבֶּען זֵייא
אִיבֶּער מִיר שְׁלֶעכְטֶעס גֶעדֶענְקְט :
16 זֵייא קֶעהְרֶען זִיךְ נִיט אוּם צוּ
דֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶען, זֵייא זֶענֶען אַזוֹי
וִויא אַ פַאלְשֶׁער בּוֹיגֶען, זֵייעֶרֶע פִירְשְׁטֶען
וֶועלֶען פַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, פוּן
וֶועגֶען דֶעם צָארְן פוּן אִיהְרֶע צוּנְג,
דָאס וֶועט זַיין זֵייעֶר גֶעשְׁפֶּעט אִין
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם :

קאַפִּיטעל ח

1 נֶעם דֶעם שׁוֹפָר צוּ דֵיין (מוֹיל)
גוֹימֶען, אַזוֹי וִויא אֵיין אָדְלֶער זָאל עֶר
קוּמֶען קֶעגֶען גָאטְ'ס הוֹיז, וֵוייל עֶר
הָאט עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען מֵיין בְּרִית, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען אִין מֵיינֶע
תּוֹרָה :
2 זֵייא, דִיא יִשְׂרָאֵל וֶועלֶען צוּ מִיר
שְׁרֵייעֶן, מֵיין גָאט, מִיר קֶענֶען דִיךְ !
3 יִשְׂרָאֵל הָאט דָאס גוּטֶע פֶערְוָוארְפֶען,
דֶער פֵיינְד זָאל זֵייא נָאכְיָאגֶען :
4 זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעשְׁטֶעלְט מְלָכִים,
אָבֶּער נִיט פוּן מִיר, זֵייא הָאבֶּען
פִירְשְׁטֶען אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס נִיט
גֶעוְואוּסְט, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט
גֶעצֶען פוּן זֵייעֶר זִילְבֶּער אוּנְד זֵייעֶר
גָאלְד, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען פֶערשְׁנִיטֶען
וֶוערֶען :
5 דֵיין קַאלְבּ, אוֹי שֹׁמְרוֹן הָאט דִיךְ
פֶערְוָוארְפֶען, מֵיין צָארְן אִיז קֶעגֶען
זֵייא דֶערְגְרִימְט, בִּיז וִויא לַאנְג וֶועלֶען
זֵייא נָאךְ נִיט קֶענֶען רֵיין וֶוערֶען ?
6 וָוארִין דָאס אִיז אוֹיךְ פוּן יִשְׂרָאֵל,
דֶער קִינְסְטְלֶער הָאט עֶס גֶעמַאכְט,
אוּנְד דַארִיבֶּער אִיז עֶס נִיט קֵיין גָאט,
נֵייעֶרְט דָאס עֵגֶל פוּן שֹׁמְרוֹן וֶועט
אִין שְׁטִיקְלֶעךְ צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען :
7 וָוארִין זֵייא זֵייעֶן וִוינְד, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען אַ שְׁטוּרְמְוִוינְד אֵיינְזַאמְלֶען, עֶס
הָאט נִיט קֵיינֶע שְׁטֵייעֶנְדֶע תְּבוּאָה
אוּנְד פוּן דִיא שְׁפְּרָאצוּנְג וֶועט מֶען
נִיט קֶענֶען מַאכֶען מֶעהְל, אוּנְד וֶוען
עֶס וֶועט שׁוֹין מַאכֶען (מֶעהְל) אַזוֹי
וֶועלֶען עֶס פְרֶעמְדֶע פֶערשְׁלִינְגֶען :
8 יִשְׂרָאֵל אִיז פֶערְשְׁלוּנְגֶען גֶעוָוארֶען,
אַצוּנְד זָאלֶען זֵייא זַיין צְוִוישֶׁען דִיא

גוֹיִם, אַזוֹי וִויא אַ כְּלִי צוּ װעלְכֶעם
מֶען האָט קֵיין פֶערְלַאנְגֶען:
9 װאָרִין זֵייא זֶענֶען אַרױפְגֶעגַאנְגֶען
צוּ אַשּׁוּר, אַזוֹי וִויא אַ ווִילְדֶער מוֹיל־
אֵייזֶעל פַאר זִיךְ אַלֵיין, אֶפְרַיִם האָט
גֶעגֶעבֶּען מַתָּנוֹת צוּ לִיבְּהאָבֶּערְס:
10 חָאטְשֶׁע זֵייא זֶענֶען אַהִינְגֶעגֶעבֶּען
גֶעוָואָרֶען צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם, דָאךְ וֶועל
אִיךְ זֵייא אַצוּנְד פֶערְזַאמְלֶען, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען אַ בִּיסֶעל גֶעקְרֶענְקְט וֶוערֶען
פוּן וֶועגֶען דֶער מַשָּׂא פוּן דֶעם מֶלֶךְ
אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען:
11 ווייל אֶפְרַיִם האָט זִיךְ גֶעמֶעהְרְט
מִזְבְּחוֹת כְּדֵי צוּ זִינְדִיגֶען, אַזוֹי זָאלֶען
מִזְבְּחוֹת צוּ אִיהְם זֵיין אַ זִינְד:
12 אִיךְ האָב פַאר אִיהְם פִילֶעם
פָארְגֶעשְׁרִיבֶּען פוּן מֵיינֶע תּוֹרָה, אָבֶּער
זֵייא האָבֶּען זִיא פַאר אַ פְרֶעמְדֶע זַאךְ
אָנְגֶערֶעכֶענְט:
13 דִיא קָרְבָּנוֹת וָואס זֵייא זֶענֶען
מַקְרִיב וָואס טוֹיג עֶס זֵייא? זֵייא
שֶׁעכְטֶען פְלֵייש אוּנְד עֶסֶען עֶס, אָבֶּער
גָאט האָט קֵיין פֶערְלַאנְגֶען דַארִין,
אַצוּנְד וֶועט עֶר גֶעדֶענְקֶען זֵיירֶע זִינְד
אוּנְד עֶר וֶועט זֵיירֶע זִינְד בֶּעשְׁטְרָאפֶען,
זֵייא זָאלֶען צוּרִיקְקֶעהְרֶען נָאךְ מִצְרַיִם:
14 וָוארִין יִשְׂרָאֵל האָט פֶערְגֶעסֶען זֵיין
בֶּעשֶׁעפֶער, אוּנְד האָט זִיךְ גֶעבּוֹיעֶט
הֵיכָלוֹת, אוּנְד יְהוּדָה האָט זִיךְ גֶע־
מֶעהְרְט פֶעסְטֶע שְׁטֶעט, אָבֶּער אִיךְ
וֶועל אוֹיסְשִׁיקֶען אַ פֵייעֶר אִין זֵיינֶע
שְׁטֶעט, אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְדַארְבֶּען
(פֶערבְּרֶענְגֶען) אִיהְרֶע פַּאלַאסְטֶען:

## קאַפּיטעל ט

1 פְּרֵייא דִיךְ נִיט אוֹי יִשְׂרָאֵל! מִיט
אַ זָאלְכֶע פְרֵייד אַזוֹי וִויא דִיא פֶעלְקֶער,
וָוארִין דוּא האָסְט דִיךְ מְזַנֶּה גֶעוֶועזֶען
קֶעגֶען דֵיין גָאט, דוּא האָסְט לִיבּ
גֶעהאַט צוּ נֶעמֶען אַ מַתָּנָה בֵּייא אַלֶע
קָארְן־שֵׁייעֶרְס:
2 דַארוּם וֶועט זֵייא נִיט דִיא שֵׁייעֶר
אוּנְד קֶעלְטֶער ווייֶדֶען (שְׁפֵּייזֶען), אוּנְד
דֶער ווַיין וֶועט זֵייא אוֹיךְ פֶערְלֵייקֶענֶען
(פֶעהְלֶען):
3 זֵייא וֶועלֶען נִיט בְּלֵייבֶּען אִין דֶעם
לַאנְד פוּן גָאט, וָוארִין אֶפְרַיִם וֶועט
צוּרִיקְגֵיין נָאךְ מִצְרַיִם, אוּנְד אִין אַשּׁוּר
וֶועלֶען זֵייא עֶסֶען דָאס וָואס אִיז טָמֵא:
4 זֵייא וֶועלֶען נִיט מַקְרִיב זֵיין צוּ
גָאט אַ קָרְבָּן נֶסֶךְ פוּן וויין, אוּנְד זֵיירֶע
קָרְבָּנוֹת וֶועלֶען אִיהְם נִיט אָנְגֶענֶעהְם
זֵיין, אַזוֹי וִויא דָאס בְּרוֹיט פוּן אֵיינֶעם
וָואס קְלָאגְט וֶועט עֶס צוּ זֵייא זֵיין,
אִיטְלִיכֶער וָואס עֶסְט דֶערְפוּן וֶועט
טָמֵא וֶוערֶען, וָוארִין דָאס בְּרוֹיט וָואס
אִיז פַאר זֵייא זָאל נִיט אַרֵיינְקוּמֶען
אִין גָאטְ'ס הוֹיז:
5 וָואס ווילְט אִיהְר טְהוּן אִין דֶעם
טָאג פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד אִין
דֶעם פֵייעֶרְטָאג פוּן גָאט?
6 וָוארִין זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
פוּן וֶועגֶען דֶער רוֹיבֶּערֵייא, מִצְרַיִם
וֶועט זֵייא פֶערְזַאמְלֶען, מוֹף וֶועט זֵייא
בֶּעגְרָאבֶּען, דִיא גְלוּסְטִיגֶע (הֵייזֶער)
פַאר זֵייעֶר זִילְבֶּער וֶועלֶען דִיא דִיסְטֶעלְן
בֶּעזִיצֶען, דֶערְנֶער וֶועלֶען וַואקְסֶען אִין
זֵיירֶע גֶעצֶעלְטֶען:
7 דִיא טֶעג פוּן אֵיירֶע שְׁטְרָאף קוּמֶען
אָן, דִיא טֶעג פוּן בֶּעצָאלוּנְג קוּמֶען אָן,
יִשְׂרָאֵל וֶועט עֶס (דֶערְקֶענְטְמָאל) ווִיסֶען,
דֶער נָבִיא אִיז אַ נַאר, דֶער גֵייסְטְלִיכֶער
מֶענְשׁ אִיז מְשׁוּגָע, פוּן וֶועגֶען דֵיינֶע
פִילֶע זִינְד, אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֵיין
גְרוֹיסֶען האַס:

8 דער וועכטער פון אֶפְרַיִם איז מיט
מיין גאָט, אָבער דער נָבִיא איז (ווייא)
אַ געץ פון אַ פויגעל־פאַנגער אויף
אַלע זיינע וועגען, אונד אַ האַס אין
דעם הויז פון זיין גאָט:
9 זייא האָבען זיך טיף פערדאָרבען,
אַזוי וויא אין דעם טאָג פון גִבְעָה,
דארום וועט ער זייערע זינד געדענקען
אונד ער וועט זייערע זינד בעשטראָפען:
10 איך האָב יִשְׂרָאֵל געפונען אַזוי
וויא ווייַנטרויבען אין דער מִדְבָּר, איך
האָב געזעהען אייערע עלטערן אַזוי וויא
איינע ערשט צייטיגע פייג אויף דעם
פייגענבוים, אָבער זייא זענען אַהינ־
געגאַנגען צו בַעַל־פְּעוֹר, אונד זייא
האָבען זיך אָפּגעשייט צו שאַנד, אונד
זייא זענען אומוועררדיג געוואָרען דורך
זייערע ליבהאָבערס:
11 וואָס אֶפְרַיִם אַנבעלאַנגט, זייער
כָּבוֹד וועט אַוועקפליהען אַזוי וויא אַ
פויגעל, פון דער געבורט, אונד פון
דעם מוטערלייב, אונד פון דער
שוואַנגערשאַפט אָן:
12 חָאטשע זייא וועלען דערציהען
זייערע קינדער דאָך וועל איך זייא
קינדערלויז מאַכען, אַז קיינע מענשען
זאָלען איבערבלייבען, וואָרין עס וועט
אויך וויי צו זייא זיין ווען איך וועל
מיך פון זייא אָפּטהון!
13 אֶפְרַיִם איז אַזוי וויא צוֹר, וואָס
איך האָב געזעהען געפלאַנצט אין אַ
ליבליכען אָרט, אֶפְרַיִם זאָל אַרויס־
ברענגען זיינע קינדער צו דיא דער־
שלאָגערס:
14 אוי גאָט! גיב צו זייא, וואָס דוא
ווילסט געבען, גיב צו זייא אַ מוטער־
לייב וואָס טהוט מַפִּיל זיין אונד
פערדאַרטע בריסטען:
15 אַלע זייערע שלעכטיגקייטען זענען
אין גִלְגָל, וואָרין דאָרט האָב איך זייא
פיינד געהאַט וועגען זייערע בייזע
מַעֲשִׂים, אונד איך וועל זייא אַרויס־
טרייבען פון מיין הויז איך וועל זייא
ניט מֶעהר ליבען, אַלע זייערע האַרען
זענען אָפּקעהרערס:
16 אֶפְרַיִם איז געשלאָגען געוואָרען,
זייער וואָרצעל איז פערדאַרט, זייא
וועלען קיינע פירות ניט טראָגען, יאָ
חָאטשע זייא וועלען ניט געוואוינען,
דאָך וועל איך טייטען דאָס גליסטיגסטע
פון זייער בויך:
17 מיין גאָט וועט זייא פערוואַרפען,
ווייל זייא האָבען איהם ניט געהאָרכט,
אונד זייא וועלען פערוואַגעלט ווערען
(נָע וָנָד זיין) צווישען דיא גוים:

## קאַפּיטעל י

1 יִשְׂרָאֵל איז איין אויסגעליידיגטער
וויינשטאָק, זיינע פירות זענען גלייך
צו איהם, אַזוי וויא זיינע פירות ווערען
פערמעהרט אַזוי פערמעהרט ער אויך
זיינע מִזְבְּחוֹת, אונד נאָך דיא גוטיגקייט
פון זיין לאַנד האָבען זייא זייערע מַצֵבוֹת
גוט געמאַכט:
2 זייער האַרץ איז צוטיילט, אַצונד
וועלען זייא בעשולדיגט ווערען, ער
וועט זייערע מִזְבְּחוֹת אָפּברעכען, אונד
זייערע מַצֵבוֹת צושטערען:
3 וואָרין אַצונד וועלען זייא זאָגען,
מיר האָבען קיין מֶלֶך, ווייל מיר
האָבען ניט מוֹרָא געהאַט פאַר גאָט;
וואָס זאָל דען דער מֶלֶך פאַר אונס
טהון?
4 זייא רעדען (אומרעכטע) ווערטער,


זייא

זייא שווערען פאלש ווען זייא זענען
כורת ברית, אונד ער האט דאס משפט
געמאכט בליהען אזוי וויא גיפט אויף
דיא בערגלעך פון דעם פעלד:
5 דיא איינוואוינערס פון שמרון וועלען
זיך פארכטען פאר דיא קעלבער פון
בית און, ווארין זיין פאלק וועט
דאריבער טרויערן אבער זיינע כהנים
וואס פלעגען זיך פרייען וועגען זיין
כבוד (וועלען טרויערן) ווייל עס איז
פון זייא פערטריבען געווארען:
6 דאס וועט אויך אהינגעבראכט
ווערען צו אשור אלס מתנה פאר דעם
מלך ירב, אפרים וועט געמען א בושה,
אונד ישראל וועט פערשעמט ווערען
פון וועגען זיינע עצה:
7 שמרון וועט פערטילגט ווערען מיט
איהר קעניג, אזוי וויא דער שוים אויף
דעם וואסער:
8 אונד דיא במות פון בית און וועלען
פערטילגט ווערען וועגען דער זינד פון
ישראל, דערנער וועלען אויפגיין אויף
זייערע מזבחות, אונד זייא וועלען זאגען
צו דיא בערג, בעדעקט אונס, אונד
צו דיא בערגלעך פאלט אויף אונס:
9 אוי ישראל, דוא האסט געזינדיגט
פון דיא טעג פון גבעה אן, דארט
זענען זייא געבליבען שטיין, דיא
מלחמה אין גבעה קעגען דיא אומ-
גערעכטע קינדער האט זייא ניט
דערגרייכט:
10 עס איז מיין פערלאנגען דאס איך
זאל זייא בעשטראפען, אונד קעגען
זייא האבען זיך פעלקער פערזאמעלט,
ווען זייא וועלען געשטראפט ווערען
וועגען זייערע צוויא זינדען:
11 אבער אפרים איז א בעלעהרטעס
קאלב, וואס האט ליב צו דרעשען,
אונד איך בין אריבערגעגאנגען איבער
איהר (שיינעם) נוטען האלז, איך וועל
אפרים מאכען רייטען, יהודה זאל
אקערן, אונד יעקוב זאל (דאס פעלד)
צוברעקלען:
12 זייעט צו אייך אין גערעכטיגקייט,
כדי איהר זאלט איינזאמעלן נאך דעם
חסד, אקערט אייך איין אקער, ווארין
עס איז צייט גאט צו זוכען, ביז ער
וועט קומען אונד וועט אויף אייך
לאזען רעגנען גערעכטיגקייט:
13 איהר האט אבער געאקערט רשעת
אונד איהר האט געשניטען אומרעכט,
דארום האט איהר געגעסען דיא פירות
פון אייער ליגען, ווייל דוא האסט
דיך פערזיכערט אויף דיינע וועגען
אונד אין דיינע פילע גבורים:
14 אונד דארום וועט אויפשטיין איין
געטימעל צווישען דיין פאלק, אונד
אלע דיינע פעסטונגען וועלען צושטערט
ווערען, גראד אזוי וויא שלמן האט
בית ארבאל צושטערט אין דעם טאג
פון דער מלחמה, דיא מוטער וועט
צושפאלטען ווערען מיט איהרע
קינדער:
15 גראד אזוי וועט צו אייך בית-אל
טהון, פון וועגען דעם בייזען פון אייערע
בייזהייט, אין דעם פריהמארגען זאל
דער מלך פון ישראל געוויס אומ-
קומען:

## קאפיטעל יא

1 ווען ישראל איז געוועזען א יונג
(קינד) אזוי האב איך איהם געליבט,
אונד אוים מצרים האב איך גערופען
מיין זוהן:
2 אונד ווען זייא (דיא נביאים) האבען

זֵייא גֶערוּפֶען, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא פוּן פַאר
זֵייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, זֵייא הָאבֶּען מַקְרִיב
גֶעוֶועזֶען צוּ דִיא בְּעָלִים, אוּנְד צוּ דִיא
גֶעצֶענְבִּילְדֶער הָאבֶּען זֵייא גֶערֵייכֶערְט:
3 אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ אֶפְרַיִם גֶעלֶערְנְט
צוּ גֵיין, אִיךְ הָאבּ זֵייא אוֹיפְגֶענוּמֶען
אוֹיף מֵיינֶע אָרֶעמְס, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען
נִיט גֶעוְואוּסְט אַז אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶע־
וָואלְט הֵיילֶען:
4 אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעצוֹיגֶען מִיט שְׁטְרִיק
פוּן מֶענְשֶׁען, מִיט גְרָאבֶּע שְׁטְרִיק פוּן
לִיבְּשַׁאפְט, אוּנְד אִיךְ בִּין צוּ זֵייא גֶע־
וֶועזֶען אַזוֹי וִויא דִיא וָואס נֶעמֶען
אַוֶועק דָאס יָאךְ פוּן דִיא בַּאקֶען,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אִיהְם גֶענֵייגְט עֶסֶען
(אָדֶער כּוֹחַ):
5 עֶר זָאל נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען נָאךְ
מִצְרַיִם, אָבֶּער אַשּׁוּר, וֶועט זֵיין מֶלֶךְ
זֵיין, וַוייל זֵייא וִוילֶען זִיךְ נִיט (צוּ מִיר)
אוּמְקֶעהְרֶען:
6 אוּנְד אַ שְׁוֶוערְד וֶועט רוּהֶען אִין
זֵיינֶע שְׁטֶעט, אוּנְד עֶס וֶועט פֶערְ־
צֶעהְרֶען זֵיינֶע גִבּוֹרִים אוּנְד וֶועט זֵייא
פֶערְדַארְבֶּען וֶועגֶען זֵייעֶרֶע עֵצוֹת:
7 אָבֶּער מֵיין פָאלְק זֶענֶען מְסוּפָּק
אוֹיבּ זֵייא זָאלֶען זִיךְ צוּ מִיר אוּמְ־
קֶעהְרֶען, אוּנְד חָאטְשֶׁע מֶען רוּפְט
זֵייא צוּ דֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶען צוּרִיק
צוּקוּמֶען דָאךְ וִוילֶען זֵייא זִיךְ נִיט
צוּזַאמֶען דֶערְהֵייבֶּען:
8 אוֹי, אֶפְרַיִם, וִויא זָאל אִיךְ דִיךְ
אָפְּגֶעבֶּען? וִויא זָאל אִיךְ דִיךְ אִיבֶּערְ־
עֶנְטְפֶערְן, אוֹי יִשְׂרָאֵל? וִויא זָאל אִיךְ
דִיךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען וִויא אַדְמָה? וִויא
זָאל אִיךְ דִיךְ מַאכֶען אַזוֹי וִויא צְבוֹאִים?
מֵיין הַאַרְץ אִיז אִין מִיר פֶערְדְרֵייט,
מֵיינֶע דֶערְבַּארְמְקֵייטֶען זֶענֶען אִין מִיר
בֵּייא אֵיינַאנְדֶער דֶערְהִיצְט גֶעוָוארֶען:
9 אִיךְ וֶועל נִיט טְהוּן אַזוֹי וִויא מֵיין
גְרִימְצָארְן אִיז, אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט
אוּמְקֶעהְרֶען כְּדֵי אֶפְרַיִם צוּ פֶערְדַארְבֶּען,
וָוארִין אִיךְ בִּין גָאט אוּנְד נִיט אַ מֶענְשׁ,
אִיךְ בִּין דֶער הֵיילִיגֶער צְוִוישֶׁען דִיר
אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אִין
דִיא שְׁטָאט:
10 זֵייא וֶועלֶען נָאכְגֵיין דֶעם הַאֵר,
עֶר וֶועט שְׁרֵייעֶן אַזוֹי וִויא אַ לֵייבּ,
וָוארִין וֶוען עֶר וֶועט שְׁרֵייעֶן אַזוֹי
וֶועלֶען דִיא קִינְדֶער אִין מַעֲרָב־זֵייט
צִיטֶערְן:
11 זֵייא וֶועלֶען צִיטֶערְן אַזוֹי וִויא אַ
פוֹיגֶעל אוֹיס מִצְרַיִם, אוּנְד וִויא אַ טוֹיבּ
פוּן דֶעם לַאנְד אַשּׁוּר, אוּנְד אִיךְ וֶועל
זֵייא בֶּעזֶעצֶען אִין זֵייעֶרֶע הֵייזֶער זָאגְט
גָאט:

## קאפיטעל יב

1 אֶפְרַיִם הָאט מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְ־
גֶעלְט מִיט לִיגֶען, אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד
פוּן יִשְׂרָאֵל מִיט בֶּעטְרִיגֶערֵייא, אָבֶּער
יְהוּדָה הֶערְשְׁט נָאךְ מִיט גָאט, אוּנְד
אִיז גֶעטְרֵייא מִיט דֶעם הֵיילִיגֶען
גָאט:
2 אֶפְרַיִם דֶערְנֶעהְרְט זִיךְ פוּן דֶעם
ווִינְד, אוּנְד יָאגְט נָאךְ דֶעם מִזְרַח־ווִינְד,
אַלֶע טָאג פֶערְמֶעהְרְט עֶר לִיגֶען אוּנְד
רוֹיבֶּערֵייא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען כּוֹרֵת
בְּרִית גֶעוֶועזֶען מִיט אַשּׁוּר, אוּנְד נָאךְ
מִצְרַיִם וֶוערְט אֵייל גֶעבְּרֶענְגְט:
3 גָאט הָאט אוֹיךְ אַ קְרִיג מִיט יְהוּדָה,
אוּנְד עֶר וֶועט יַעֲקֹב בֶּעשְׁטְרָאפֶען
נָאךְ זֵיינֶע וֶועגֶען, אוּנְד נָאךְ זֵיינֶע בֵּייזֶע
מַעֲשִׂים וֶועט עֶר אִיהְם צוּרִיקְקֶעהְרֶען:
4 וָוארִין שׁוֹין אִין זֵיין מוּטֶערְס בּוֹיךְ
הָאט עֶר זֵיין בְּרוּדֶער בֵּייא דֶעם טְרִיט

אָנְגֶענוּמֶען, אוּנְד מִיט זַיין כּוֹחַ הָאט עֶר גֶעהֶערְשְׁט אִיבֶּער גָאט׃

5 יוא, עֶר הָאט גֶעהֶערְשְׁט אִיבֶּער דֶעם מַלְאָךְ אוּנְד עֶר אִיז אִיהְם בֵּייגֶעקוּמֶען, עֶר הָאט גֶעוויינְט אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, עֶר הָאט אִיהְם גֶעפוּנֶען אִין בֵּית אֵל, אוּנְד דָארְטֶען הָאט עֶר מִיט אוּנְס גֶערֶעט׃

6 דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען יְהוָֹה דֶער גָאט פוּן דִיא חַיָילוֹת, יְהוָֹה אִיז זַיין גֶעדֶעכְטֶענִיס׃

7 דַארִיבֶּער זָאלְסְט דוּא דִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דֵיין גָאט, דוּא זָאלְסְט הִיטֶען חֶסֶד אוּנְד מִשְׁפָּט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג הָאפֶען אוֹיף דֵיין גָאט׃

8 (אָבֶּער עֶר אִיז וִויא) אַ סוֹחֵר וָואס הָאט אִין זַיינֶע הַאנְד פַאלְשֶׁע וָואגְשָׁאלֶען, עֶר הָאט לִיבּ צוּ אוּנְטֶערְדְרִיקֶען (אָדֶער רוֹיבֶּען)׃

9 אוּנְד אֶפְרַיִם הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דָאךְ רֵייךְ גֶעוָוארֶען, אִיךְ הָאבּ פַאר מִיר אוֹיסְגֶעפוּנֶען אַ פֶערְמֶעגֶען, אִין אַלֶע מֵיינֶע אַרְבֵּייט וֶועט מֶען נִיט אוֹיסְגֶעפִינֶען אֵיין אוּמְרֶעכְט וָואס אִיז אַ זִינְד׃

10 אָבֶּער אִיךְ בִּין יְהוָֹה דֵיין גָאט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם הֶער, אִיךְ וֶועל דִיךְ נָאךְ מַאכֶען וואוֹינֶען אִין גֶעצֶעלְטֶען אַזוֹי וִויא אִין דִיא טֶעג פוּן יוֹם טוֹב (סוּכּוֹת)׃

11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ גֶערֶעט דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים, אוּנְד אִיךְ הָאבּ פֶערְמֶעהְרְט נְבִיאוֹת, אוּנְד דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים הָאבּ אִיךְ גֶערֶעט (מְשָׁלִים) גְלֵייכְנִיסֶע׃

12 אִיז דֶען אוּמְרֶעכְט אִין גִלְעָד ? בֶּאֱמֶת זַייא זֶענֶען פַאלְשׁ גֶעוָוארֶען, אִין גִלְגָל הָאבֶּען זַייא גֶעשָׁאכְטֶען אָקְסֶען אַלְס קָרְבָּנוֹת, אוֹיךְ זַייעֶרֶע מִזְבְּחוֹת זֶענֶען אַזוֹי וִויא הוֹיפֶען־שְׁטֵיינֶער אוֹיף דִיא בֶּערְגְלֶעךְ פוּן דֶעם פֶעלְד׃

13 אוּנְד יַעֲקוֹב אִיז עֶנְטְלָאפֶען צוּ דֶעם פֶעלְד פוּן אֲרָם, אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעדִינְט פַאר אַ וַוייבּ, אוּנְד פַאר אַ וַוייבּ הָאט עֶר גֶעהִיט (דִיא שָׁאף)׃

14 אוּנְד דוּרְךְ אַ נָבִיא הָאט גָאט אַרוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט יִשְׂרָאֵל אוֹיס מִצְרַיִם, אוּנְד דוּרְךְ אַ נָבִיא הָאט עֶר זַייא בֶּעהִיט׃

15 אֶפְרַיִם הָאט אִיהְם בִּיטֶערְלִיךְ דֶערְצָארְנְט, דַארִיבֶּער וֶועט זַיין בְּלוּט אוֹיף אִיהְם צוּרִיקְגֶעלָאזְט וֶוערֶען, אוּנְד זַיין הַאר וֶועט זַיינֶע שַׁאנְד צוּ אִיהְם צוּרִיקְקֶעהְרֶען׃

קאפיטעל יג.

1 וֶוען אֶפְרַיִם הָאט גֶערֶעט מִיט צִיטֶערְנִיס אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען אִין יִשְׂרָאֵל, אָבֶּער וֶוען עֶר הָאט זִיךְ פֶערְזִינְדִיגְט דוּרְךְ בַּעַל אַזוֹי אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבֶּען׃

2 אָבֶּער אַצוּנְד הָאבֶּען זַייא גֶעמֶעהְרְט צוּ זִינְדִיגֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט אַ גֶעגָאסֶענֶעס גֶעצֶענְבִּילְד פוּן זַייעֶר זִילְבֶּער, אוּנְד גֶעצֶען נָאךְ זַייעֶר אֵייגֶענֶעם פֶערְשְׁטַאנְד, גָאר אִים גַאנְצֶען דִיא אַרְבֵּייט פוּן אַ קוּנְסְטלֶער, זַייא זָאגֶען צוּ זַייא, לָאזֶען דִיא מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען צוּ זַייא מַקְרִיב קָרְבָּנוֹת דִיא קֶעלְבֶּער קִישֶׁען׃

3 דַארִיבֶּער וֶועלֶען זַייא זַיין וִויא דִיא פְרִיהמָארְגֶען־וָואלְקֶען, אוּנְד אַזוֹי וִויא דֶער טְהוֹי פוּן דֶער פְרִיה וָואס פֶערְגֵייט, אוּנְד אַזוֹי וִויא שְׁטְרוֹי וָואס דֶער

שְׁטוּרְמווִינְד בְּלָאזְט אַוֶועק פוּן דִיא
שֵׁייעֶר, אוּנְד אַזוֹי וִויא דֶער רוֹיךְ וָואס
גֵייט אַרוֹיס פוּן דֶעם פֶענְסְטֶער:
4 אָבֶער אִיךְ בִּין יְהֹוָה דֵיין גָאט,
(וָואס הָאט דִיךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט) פוּן
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד חוּץ מִיר
זָאלְסְט דוּא קֵיין אַנְדֶערְן גָאט קֶענֶען,
וָוארִין חוּץ מִיר אִיז קֵיין הֶעלְפֶער
פֶערְהַאנְדֶען:
5 אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעקֶענְט אִין דֶער
מִדְבָּר, אִין אַ טְרוּקֶענֶעם לַאנְד:
6 אַזוֹי וִויא זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעוֵוייְדֶעט
(גֶעפַּאשֶׁעט) אַזוֹי זֶענֶען זֵייא זַאט
גֶעוָוארֶען, אָבֶּער וֶוען זֵייא זֶענֶען זַאט
גֶעוָוארֶען אַזוֹי הָאט זִיךְ זֵייעֶר הַארְץ
דֶערְהוֹיבֶּען, דַארִיבֶּער הָאבֶּען זֵייא
מִיךְ פֶערְגֶעסֶען:
7 דַארוּם וֶועל אִיךְ צוּ זֵייא וֶוערֶען
אַזוֹי וִויא אַ לֵייבּ, אוּנְד וִויא אַ
לֶעמְפֶּערְט אוֹיף דֶעם וֶועג נָאךְ אַשּׁוּר:
8 אִיךְ וֶועל זֵייא בֶּעגֶעגְנֶען וִויא אַ
בֶּערוֹיבְּטֶער בֶּער פוּן אִיהְרֶע יוּנְגֶען,
אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּרֵייסֶען זֵייעֶר פֶער־
שְׁלָאסֶען הַארְץ, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא
דָארְט אוֹיפְעֶסֶען וִויא אַ יוּנְגֶער לֵייבּ,
אוּנְד דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד וֶועלֶען
זֵייא צוּשְׁפַּאלְטֶען:
9 אוֹי, יִשְׂרָאֵל דוּא הָאסְט דִיךְ אַלֵיין
פֶערְדָארְבֶּען, אָבֶּער דֵיינֶע הִילְף אִיז
אִין מִיר:
10 אִיךְ וִויל זַיין דֵיין מֶלֶךְ, אַוְואוּ אִיז
אֵיין אַנְדֶערֶער וָואס זָאל דִיר הֶעלְפֶען
אִין אַלֶע דֵיינֶע שְׁטֶעט? אוּנְד פוּן
וֶוענֶען דֵיינֶע שׁוֹפְטִים וָואס דוּא הָאסְט
גֶעזָאגְט, גִיבּ מִיר אַ מֶלֶךְ אוּנְד
פִירְשְׁטֶען?
11 אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעגֶעבֶּען אַ מֶלֶךְ
אִין מֵיין צָארְן, אָבֶּער אִיךְ וֶועל אִיהְם
אַוֶועקְנֶעמֶען אִין מֵיין גְרִימְצָארְן:
12 דִיא זִינְד פוּן אֶפְרַיִם אִיז פֶערְ־
בּוּנְדֶען, זֵיינֶע זִינְד זֶענֶען פֶערְבָּארְגֶען:
13 גֶעבּוּרְטְ'ס שְׁמֶערְצֶען פוּן אַ גֶע־
וֵוינֶערִין זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, עֶר
אִיז אַ זוּהְן וָואס אִיז נִיט קְלוּג, דַארוּם
וֶועט צוּ אִיהְם קוּמֶען אַ צֵייט וָואס עֶר
וֶועט נִיט קֶענֶען בֶּעשְׁטֵיין אִין דֶעם
בְּרָאכְשְׁטוּל וֶוען מֶען גֶעוֵוינְט קִינְדֶער:
14 אִיךְ וֶועל זֵייא דֶערְלֵייזֶען פוּן דֶעם
שְׁאוֹל, פוּן דֶעם טוֹיט וֶועל אִיךְ זֵייא
דֶערְלֵייזֶען, אִיךְ וֶועל זַיין דֵיינֶע פְּלָאג,
אוֹי טוֹיט, אִיךְ וֶועל זַיין דֵיינֶע פֶערְ־
טִילְגוּנְג, אוֹי שְׁאוֹל! דִיא תְּשׁוּבָה אִיז
פֶערְבָּארְגֶען פוּן מֵיינֶע אוֹיגֶען:
15 הָאטְשֶׁע עֶר וֶועט זַיין פְּרוּכְטְבַּאר
צְווִישֶׁען דִיא בְּרִידֶער, דָאךְ וֶועט קוּמֶען
אַ מִזְרַח ווִינְד פוּן גָאט, עֶר וֶועט
אוֹיפְגֵיין פוּן דֶער מִדְבָּר, אוּנְד עֶר
וֶועט פֶערְדַארֶען אוּנְד אוֹיסְטְרִיקֶענֶען
זַיין קְוַואל, עֶר וֶועט רוֹיבֶּען דֶעם
אוֹצָר פוּן אַלֶע גְלוּסְטִיגֶע כֵּלִים:

## קאפּיטעל יד

1 שֹׁמְרוֹן זָאל פֶערְווִיסְט וֶוערֶען, וָוארִין
זִיא הָאט מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען אִיהְר
גָאט, זֵייא וֶועלֶען פַּאלֶען דוּרְךְ דֶעם
שְׁוֶוערְד, אִיהְרֶע יוּנְגֶע קִינְדֶער וֶועלֶען
צוּהַאקְט וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְרֶע טְרָאגֶע־
דִיגֶע ווַייבֶּער וֶועלֶען צוּשְׁפָּאלְטֶען
וֶוערֶען:
2 אוֹי יִשְׂרָאֵל קֶעהְר דִיךְ אוּם צוּ
דֶעם הַאר דֵיין גָאט, וָוארִין דוּא
בִּיזְט גֶעפַאלֶען דוּרְךְ דֵיינֶע זִינְד:
3 נֶעמְט מִיט אֵייךְ וֶוערְטֶער אוּנְד
קֶעהְרְט אֵייךְ אוּם צוּ גָאט, זָאגְט צוּ
אִיהְם, פֶערְגִיבּ אוּנְס אַלֶע אוּנְזֶערֶע

זִינְד, אוּנְד נֶעם אוּנְס אָן צוּם גוּטֶען,
אַזוֹי וֶועלֶען מִיר בֶּעצָאהְלֶען לוֹיב
(קָרְבָּנוֹת) מִיט אוּנְזֶערֶע לִיפֶּען:
4 אַשּׁוּר זָאל אוּנְס נִיט הֶעלְפֶען,
מִיר ווִילֶען נִיט רֵייטֶען אוֹיף פֶערְד,
אוּנְד מִיר וֶועלֶען נִיט מֶעהְר זָאגֶען אַז
דִיא מַעֲשִׂים פוּן אוּנְזֶערֶע הֶענְד זֶענֶען
אוּנְזֶערֶע גֶעטֶער, וָוארִין אִין דִיר אַלֵיין
גֶעפִינְט דֶער יָתוֹם דֶערְבַּארְמוּנְג:
5 אִיךְ וֶועל הֵיילֶען זֵייעֶרֶע אָפְּקֶעהְרוּנְג
אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא לִיבֶּען פְרֵייוִוילִיג,
וָוארִין מֵיין צָארְן הָאט זִיךְ פוּן אִיהְם
אָפְּגֶעקֶעהְרְט:
6 אִיךְ וֶועל זֵיין אַזוֹי וִויא טְהוֹי צוּ
יִשְׂרָאֵל, עֶר וֶועט בְּלִיהֶען אַזוֹי וִויא דִיא
רוֹיז, אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיסְשְׁלָאגֶען זֵיינֶע
וָוארְצְלֶען אַזוֹי וִויא דֶער לְבָנוֹן:
7 זֵיינֶע יוּנְגֶע צְוֵוייגֶען וֶועלֶען גֵיין
(זִיךְ אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען), אוּנְד זֵיינֶע שֵׁיינְ־
הֵייט וֶועט זֵיין אַזוֹי וִויא דֶער
אֵיילְבֶּערְט־בּוֹים, אוּנְד זֵיין (רֵיחַ)
גֶעשְׁמַאק וֶועט זֵיין אַזוֹי וִויא לְבָנוֹן:
8 דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוּנְטֶער זֵיין
שָׁאטֶען וֶועלֶען צוּרִיקְקֶעהְרֶען, זֵייא
וֶועלֶען אוֹיפְלֶעבֶּען וִויא דָאס
קָארְן, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען בְּלִיהֶען אַזוֹי
וִויא אַ ווֵיינְשְׁטָאק, זֵיין אָנְדֶענְקֶען וֶועט
זֵיין אַזוֹי וִויא דֶער ווֵיין פוּן לְבָנוֹן:
9 אֶפְרַיִם וֶועט זָאגֶען, וָואס הָאבּ אִיךְ
נָאךְ מֶעהְר צוּ טְהוּן מִיט אָפְּגֶעטֶער?
אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט אִיךְ וֶועל
ווִידֶער אוֹיף אִיהְם קוּקֶען, אִיךְ וֶועל
זֵיין אַזוֹי וִויא אַ צְוֵוייגֶעדִיגֶער בּוּקְסֶען־
בּוֹים, פוּן מִיר וֶועלֶען דֵיינֶע פֵּירוֹת
גֶעפוּנֶען וֶוערֶען:
10 וֶוער אִיז אַ חָכָם דֶער וֶועט דָאס
דָאזִיגֶע פֶערְשְׁטֵיין, אַ פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶער,
אוּנְד עֶר וֶועט זֵייא ווִיסֶען, וָוארִין דִיא
וֶועגֶען פוּן גָאט זֶענֶען אוֹיפְרִיכְטִיג,
אוּנְד דִיא צַדִיקִים וֶועלֶען אִין זֵייא
גֵיין, אָבֶּער דִיא פּשְׁעִים וֶועלֶען אִין
זֵייא שְׁטְרוֹיכְלֶען (פַאלֶען):

# יואל.

1 דָאס אִיז דָאס וָוארְט פוּן גָאט
וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יוֹאֵל בֶּן־פְּתוּאֵל:
2 הֶערְט דָאס דָאזִיגֶע אִיהְר זְקֵנִים,
אוּנְד פֶערְנֶעמְט עֶס אַלֶע אִיהְר בֶּע־
ווְאוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד, אִיז דֶען
זָאלְכֶעס גֶעוֶועזֶען אִין אֵייעֶרֶע טֶעג?
אָדֶער אִין דִיא טֶעג פוּן אֵייעֶרֶע
עֶלְטֶערְן?
3 דֶערְצֵיילְט דָאךְ דֶערְפוּן צוּ אֵייעֶרֶע
קִינְדֶער, אוּנְד אֵייעֶרֶע קִינְדֶער צוּ זֵייעֶרֶע
קִינְדֶער, אוּנְד צוּ אַנְדֶערֶע דוֹרוֹת:
4 דָאס וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן
דֶעם הֵיישֶׁערִיק (גָזָם) דָאס הָאט דֶער
אַרְבֶּה אוֹיפְגֶעפְרֶעסֶען, אוּנְד דָאס וָואס
דֶער אַרְבֶּה הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט הָאט
דֶער יֶלֶק אוֹיפְגֶעפְרֶעסֶען, אוּנְד דָאס
וָואס דֶער יֶלֶק הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט
דָאס הָאט דֶער חָסִיל אוֹיפְגֶעפְרֶעסֶען:

5 דערוועקט אייך, איהר שכורים, און וויינט און קלאגט אלע וואס טרינקען וויין, וועגען דעם גייען וויין, וואָרין עס איז אָפּגעשניטען פון אייער מויל:

6 וואָרין אַ פאָלק איז אַרויפגעגאַנגען אויף מיין לאַנד, איין שטאַרקעס (פאָלק) אָהן אַ צאָהל, זיינע צעהן זענען אַזוי וויא דיא צעהן פון אַ לייב, און ער האָט זיינע באַק־צעהן אַזוי וויא פון אַ לעמפּערט:

7 זייא האָבען מיין ווייַנשטאָק וויסט געמאַכט, און מיין פייגענבוים אָפּגעשפּעהנט, ער האָט אָפּגעשיילט זיינע רינד און האָט זייא אַוועקגעוואָרפען, זיינע צווייגען זענען ווייס געוואָרען:

8 קלאָג וויא אַ יונגפרוי, אונד גאַרט אָן אַ זאַק וועגען דעם מאַן פון איהרע יוגענד:

9 דאָס קרבן מנחה און דאָס קרבן נסך זענען אָפּגעשניטען פון גאָט'ס הויז, טרויערט, אוי איהר כהנים, איהר משרתים פון גאָט:

01 דאָס פעלד איז בערויבט געוואָרען, דיא ערד טרויערט, ווייל דאָס קאָרן איז גערויבט געוואָרען, דער וויין איז פערדאַרט געוואָרען, און דער איילבוים איז פערשמאַכט (פערוועלקט) געוואָרען:

11 אוי איהר אַקערלייט זייט פערשעמט! אוי איהר ווייַנגערטנער קלאָגט! איבער דעם ווייץ און איבער דיא גערשט, וואָרין דיא געשניטענע תבואה פון דעם פעלד איז פערלוירען געוואָרען:

12 דער ווייַנשטאָק איז פערדאַרט, און דער פייגענבוים איז פערוועלקט געוואָרען, דער מילגרוים בוים אויך דער טייטעל בוים און דער פּאַמעראַנצען־בוים, אַלע ביימער פון דעם פעלד זענען פערדאַרט געוואָרען, דאַריבער איז אויך דיא פרייד פון דיא מענשען־קינדער פערדאַרט, (אויפגעהערט):

13 בעגאַרטעלט אייך (מיט זעק), און קלאָגט, אוי איהר כהנים, טרויערט, אוי איהר משרתים פון דעם מזבח, קומט און איבערנעכטיגט מיט זעק, איהר בעדינערס פון גאָט! ווייל דאָס קרבן מנחה און דאָס קרבן נסך האָבען אויפגעהערט פון דעם הויז פון אייער גאָט:

14 הייליגט איין פאַסט־טאָג, רופט אויס אַ (הייליגע) פערזאַמלונג, פערזאַמעלט דיא עלטסטע, יאַ אַלע בעוואוינער פון דעם לאַנד, צו דעם הויז פון יהוה אייער גאָט, און שרייט צו גאָט:

15 אוי ווייא! וואָס איז דאָס פאַר אַ טאָג! וואָרין דער (שרעקליכער) טאָג פון גאָט איז נאָהענט, אַזוי וויא אַ רויבער פון דעם אַלמעכטיגען (גאָט) וועט ער אָנקומען:

16 איז דען ניט דאָס עסען אָפּגעשניטען געוואָרען פון פאַר אונזערע אויגען? און פון דעם הויז פון אונזער גאָט דיא שמחה און פרייד?

17 דיא קערנער זענען פערפוילט (אָדער פערשימעלט) געוואָרען אונטער דער ערד, דיא אוצרות זענען פערוויסט געוואָרען, דיא שייערס פון דער תבואה זענען אָפּגעבראָכען ווייל דאָס קאָרן איז פערדאַרט געוואָרען:

18 אוי, וויא זיפצען דיא בהמות!

אוי וויא זֶענֶען דִיא רִינְדֶער פֶּער־
בְּלָאנְדזשֶׁעט! ווייל עֶס אִיז נִיט דָא
פַאר זֵייא קֵיינֶע פַּאשֶׁע, אוֹיךְ דִיא
סְטַאדֶעס פוּן שָׁאף זֶענֶען פֶערְוִויסְט:
19 צוּ דִיר, אוי גָאט, רוּף אִיךְ, וָוארִין
אַ פֵייעֶר הָאט פֶערבְּרֶענְט דִיא וֵויידֶע
עֶרְטֶער פוּן דֶער מִדְבָּר, אוּנְד אַ פְלַאם
הָאט אָנְגֶעצִינְדֶען אַלֶע בֵּיימֶער פוּן
דֶעם פֶעלְד:
20 יוֹא, זָאגַאר דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם
פֶעלְד שְׁרֵייעֶן צוּ דִיר, וָוארִין דִיא
טֵייכֶען וַואסֶער זֶענֶען פֶערטְרִיקֶענְט
גֶעוָוארֶען, אוּנְד אַ פֵייעֶר הָאט פֶער־
בְּרֶענְט דִיא וֵויידֶע עֶרְטֶער פוּן דֶער
מִדְבָּר:

## קאפיטעל ב

1 בְּלָאזְט דֶעם שׁוֹפָר אִין צִיוֹן, אוּנְד
שַׁאלְט אוֹיף מֵיין הֵיילִיגֶען בַּארְג, לָאזֶען
אַלֶע בֶּעוְואוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד
צִיטֶערְן, וָוארִין דֶער טָאג פוּן גָאט
קוּמְט אָן, וָוארִין עֶר אִיז נָאהְנְט:
2 עֶס אִיז אַ טָאג פוּן פִינְסְטֶערְנִיס
אוּנְד טוּנְקֶעלְהֵייט, עֶס אִיז אַ טָאג פוּן
אַ פִינְסְטֶערְן וָואלְקֶען אוּנְד נֶעפֶּעל,
אַזוֹי וִויא דֶער פְרִיהמָארְגֶען (פַאר טָאג)
וָואס שְׁפְּרֵייט זִיךְ אוֹיס אוֹיף דִיא בֶּערְג,
אַ גְרוֹיסֶעס אוּנְד שְׁטַארְקֶעס פָאלְק
(קוּמְט אָן) זֵיין גְלֵייכֶען אִיז נִיט גֶע־
וֶועזֶען פוּן אֵייבִּיגְקֵייט אָן, אוּנְד נָאךְ
אִיהְם וֶועט נִיט מֶעהְר זֵיין אַזָאלְכֶעס
פוּן דוֹר צוּ דוֹר:
3 פַאר אִיהְם וֶועט אַ פֵייעֶר פֶער־
בְּרֶענֶען, אוּנְד הִינְטֶער אִיהְם וֶועט אַ
פְלַאם בְּרֶענֶען, אַזוֹי וִויא דֶער גַן־עֵדֶן
אִיז דָאס לַאנְד פַאר אִיהְם גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד הִינְטֶער אִיהְם אִיז דִיא מִדְבָּר
פֶערְוִויסְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶס אִיז
אוֹיךְ קֵיינֶע עֶנְטְרִינוּנְג פַאר אִיהְם
גֶעוֶועזֶען:
4 זֵיין אוֹיסְזֶעהֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי
וִויא דָאס אוֹיסְזֶעהֶען פוּן פֶערְד, אוּנְד
וִויא דִיא פְלִינְקֶע רֵייטֶער אַזוֹי זֶענֶען
זֵייא גֶעלָאפֶען:
5 אַזוֹי וִויא דָאס קוֹל פוּן רֵייטְוֶועגֶען
אוֹיף דִיא שְׁפִּיצִיגֶע בֶּערְג וָואס
שְׁפְּרִינְגֶען, אַזוֹי וִויא דָאס קוֹל פוּן אַ
פֵייעֶרפְלַאם וָואס פֶערבְּרֶענְט שְׁטְרוֹי,
אַזוֹי וִויא אַ שְׁטַארְק פָאלְק וָואס אִיז
אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ דֶער מִלְחָמָה:
6 פַאר אִיהְם צִיטֶערְן דִיא פֶעלְקֶער,
אַלֶע פְּנֶעמֶער וָואס זֶענֶען פֶערְ־
זַאמֶעלְט זֶענֶען שְׁוַוארְץ גֶעוָוארֶען:
7 זֵייא וֶועלֶען לוֹיפֶען אַזוֹי וִויא
גִבּוֹרִים, זֵייא וֶועלֶען אַרוֹיפְגֵיין אוֹיף
דִיא מוֹיעֶר אַזוֹי וִויא מִלְחָמָה־לֵייט,
אוּנְד אִיטְלִיכֶער וֶועט גֵיין אִין זֵיינֶע
וֶועגֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ נִיט
אָפְּנֵייגֶען פוּן זֵיירֶע שְׁטֶעגֶען:
8 אוּנְד אֵיינֶער וֶועט נִיט שְׁטוֹיסֶען
דֶעם אַנְדֶערְן, אִיטְלִיכֶער וֶועט גֵיין
אִין זֵיינֶע שְׁטֶעגֶען, אוּנְד וֶוען זֵייא
וֶועלֶען אוֹיף פַאלֶען דוּרְךְ דִיא פֵייל
אַזוֹי וֶוערֶען זֵייא דָאךְ נִיט פֶער־
וְואוּנְדֶעט:
9 זֵייא וֶועלֶען זִיךְ וָואפֶענֶען אִין
דִיא שְׁטָאט, זֵייא וֶועלֶען לוֹיפֶען אוֹיף
דִיא מוֹיעֶר אוּנְד אַרוֹיפְגֵיין אִין דִיא
הֵייזֶער, זֵייא וֶועלֶען אַרֵיינְקוּמֶען דוּרְךְ
דִיא פֶענְסְטֶער אַזוֹי וִויא אַ גַנָב:
10 פַאר אִיהְם וֶועט דִיא עֶרְד צִיטֶערְן,
דִיא הִימֶעלְן וֶועלֶען רוֹישֶׁען, דִיא זוּן
אוּנְד דִיא לְבָנָה וֶועלֶען שְׁוַוארְץ וֶוערֶען,
אוּנְד דִיא שְׁטֶערְן הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶערְט
צוּ שֵׁיינֶען:

11 אָבֶער גָאט וָועט לָאזֶען הֶערֶען
זַיין קוֹל פַאר זַיין חַיִל, וָוארִין זַיינֶע
מַחֲנֶה אִיז זֶעהְר גְרוֹיס, וָוארִין דֶער
וָואס אִיז שְׁטַארְק וָועט טְהוּן זַיינֶע
רֵייד, וָוארִין דֶער טָאג פוּן דֶעם הַאר
אִיז גְרוֹיס אוּנְד זֶעהְר פָארְכְטֶערְלִיךְ,
וֶוער וָועט אִיהְם קֶענֶען דֶערְלֵיידֶען ?
12 אוּנְד אוֹיךְ אַצוּנְד זָאגְט דֶער
הַאר, קֶעהְרְט אֵייךְ אוּם צוּ מִיר מִיט
אֵייעֶר גַאנְצֶען הַאַרְץ, אוּנְד מִיט
פַאסְטֶען אוּנְד מִיט גֶעוויין אוּנְד מִיט
קְלָאג :
13 אוּנְד צוּרֵייסְט אֵייעֶר הַאַרְץ אוּנְד
נִיט אֵיירֶע קְלֵיידֶער אוּנְד קֶעהְרְט אֵייךְ
אוּם צוּ יְהֹוָה אֵייעֶר גָאט, וָוארִין עֶר
אִיז לֵייטְזֶעלִיג אוּנְד בַּארְמְהֶערְצִיג, אוּנְד
עֶר אִיז לַאנְגְמִיטִיג אוּנְד פוּן פִיל חֶסֶד,
אוּנְד עֶר הָאט חֲרָטָה אוֹיף דֶעם
בֵּייזֶען :
14 וֶוער וֵוייסְט עֶס אוֹיבּ עֶר וָועט זִיךְ
אוּמְקֶעהְרֶען אוּנְד חֲרָטָה הָאבֶּען, אוּנְד
הִינְטֶער זִיךְ אִיבֶּערְלָאזֶען אַ בְּרָכָה, אַ
קָרְבָּן מִנְחָה, אוּנְד אַ קָרְבָּן נֶסֶךְ צוּ
יְהֹוָה אֵייעֶר גָאט :
15 בְּלָאזְט דֶעם שׁוֹפָר אִין צִיוֹן,
הֵיילִיגְט אֵיין פַאסְט־טָאג, רוּפְט צוּ־
זַאמֶען אַ הֵיילִיגֶע פֶערְזַאמְלוּנְג :
16 פֶערְזַאמֶעלְט דָאס פָאלְק, הֵיילִיגְט
דָאס קָהָל, אוּנְד פֶערְזַאמֶעלְט דִיא
זְקֵנִים, זַאמֶעלְט אֵיין דִיא יוּנְגֶע קִינְדֶער,
אוּנְד דִיא וָואס זַייגֶען אַן דִיא בְּרוּסְט,
לָאז דֶער חָתָן אַרוֹיסְגֵיין פוּן זַיין חֶדֶר
אוּנְד דִיא כַּלָה פוּן אִיהְרֶע חוּפָּה :
17 צְווִישֶׁען דֶעם פָארְהוֹיף אוּנְד דֶעם
מִזְבֵּחַ זָאלֶען וֵויינֶען דִיא כּוֹהֲנִים, דִיא
מְשָׁרְתִים פוּן גָאט, אוּנְד זַייא זָאלֶען
זָאגֶען, אוֹי גָאט, דֶערְבַּארְם דִיךְ דָאךְ
אִיבֶּער דַיין פָאלְק, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
נִיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען דַיינֶע נַחֲלָה צוּ שַׁאנְד
כְּדֵי דִיא גוֹיִם זָאלֶען אִיבֶּער זַייא גֶעוועלְטִיגֶען ; פַארְוָואס זָאלֶען זַייא זָאגֶען
צְווִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער, אַוְואוּ אִיז זֵייעֶר
גָאט ?
18 דֶערְנָאךְ וָועט זִיךְ גָאט מְקַנֵא זַיין
וֶועגֶען זַיין לַאנְד, אוּנְד עֶר וָועט זִיךְ
דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער זַיין פָאלְק :
19 אוּנְד גָאט הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין פָאלְק, זֶעהְט
אִיךְ וֶועל צוּ אֵייךְ שִׁיקֶען דָאס קָארְן
אוּנְד וויין אוּנְד אֵייל, אוּנְד אִיהְר וֶועט
אֵייךְ דֶערְמִיט זֶעטִיגֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
אֵייךְ נִיט מֶעהְר אָפְּגֶעבֶּען צוּ אַ שַׁאנְד
אוּנְטֶער דִיא גוֹיִם :
20 אוּנְד אִיךְ וֶועל דֶערְוֵוייטֶערְן פוּן
אֵייךְ דָאס חַיִל פוּן דֶעם צְפוֹנִי, אוּנְד
אִיךְ וֶועל אִיהְם פֶערְשְׁטוֹיסֶען אִין אֵיין
וִויסְט אוּנְד טְרוּקֶען לַאנְד, מִיט זַיין
פָּנִים קֶעגֶען דֶער מִזְרַח־זֵייט פוּן דֶעם
יַם, אוּנְד זַיין סוֹף קֶעגֶען דֶעם הִינְ־
טֶערְשְׁטֶען יַם צוּ, אוּנְד זַיין גֶעשְׁטַאנְק
זָאל אַרוֹיפְקוּמֶען, אוּנְד אוֹיךְ זַיין פוֹילֶער
גֶערוּךְ, וָוארִין עֶר (גָאט) הָאט גְרוֹיסֶעס
גֶעטְהוּן :
21 אוֹי דוּא לַאנְד, הָאבּ נִיט קֵיין
מוֹרָא זַייא לוּסְטִיג אוּנְד פְרֵייא דִיךְ,
וָוארִין גָאט הָאט גְרוֹיסֶעס גֶעטְהוּן :
22 הָאט נִיט קֵיין מוֹרָא, אוֹי אִיהְר
בְּהֵמוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד וָוארִין דִיא
וֵויידֶע עֶרְטֶער אִין דֶער מִדְבָּר וֶועלֶען
הָאבֶּען גְרָאז וָוארִין דִיא בֵּיימֶער
וֶועלֶען טְרָאגֶען זֵיירֶע פֵּירוֹת, דֶער
פֵייגֶענְבּוֹים אוּנְד וויינְשְׁטָאק וֶועלֶען
גֶעבֶּען זֵיירֶע כּוֹחוֹת :
23 דַארִיבֶּער, אוֹי אִיהְר קִינְדֶער פוּן

צִיוֹן פְרֵייעט אײך אונד זייט אײך
מְשַׂמֵחַ אין יְהוָה אײַער גאָט, וָוארין
ער וָועט צוּ אײך געבען דען פְרִיהה־
רֶעגען מיט גערעכטיגקייט, אונד ער
וָועט צוּ אײך אַרוּפּנִידערן דען פְרִיהה־
רֶעגען אונד שְׁפֶּעט־רֶעגען אַזוי ווִיא
פְרִיהער (צוּם ערשְׁטען) :
24 אַז דִיא שֵׁייערם זָאלען פוּל וָוערען
מִיט תְּבוּאָה, אונד דִיא קֶעלְטער וָועלען
אִיבער פוּל זיין מיט ווַיין אונד מיט
אֵייל :
25 אונד איך וָועל אײך בֶּעצָאהלען
פַּאר דִיא יָאהרען וָואס דִיא הֵיישֶׁערֵי־
קען אַרְבֶּה, יֶלֶק אונד חָסִיל אונד דֶער
גָזָם הָאבען אויפגֶעפְרֶעסען, מֵיין גְרויסעס
חַיִל וָואס איך הָאב קֶעגען אײך
גֶעשִׁיקְט :
26 אונד אִיהר וָועט הָאבען פִּיל צוּ
עֶסען כְּדֵי אִיהר זָאלְט זַאט וָוערען, אונד
אִיהר וָועט לויבען דֶעם נָאמען פון
יְהוָה אײַער גָאט, וָואס הָאט מִיט אײך
גֶעטְהוּן (נִסִּים) צוּ בֶּעוואונדערן, אונד
מֵיין פָאלְק וָועט אויף אֵיבִּיג נִיט
מֶעהְר פֶערשֶׁעמְט וָוערען :
27 אונד אִיהר וָועט ווִיסען אַז אִיך
בִּין צְווִישֶׁען דִיא יִשְׂרָאֵל, אונד אַז אִיך
בִּין יְהוָה אײַער גָאט, אונד עֶס אִיז
קֵיין אַנְדערער, אונד מֵיין פָאלְק וָועט
אויף אֵייבִּיג נִיט מֶעהְר פֶערשֶׁעמְט
וָוערען :

קאַפּיטעל ג

1 אונד עֶס וָועט זַיין נָאכְדֶעם, אַזוי
וָועל אִיך אויסגִיסען מֵיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ
אִיבֶּער אַלֶע מֶענְשֶׁען, אונד אֵיירֶע זִיהְן
אונד אֵיירֶע טֶעכְטֶער וָועלֶען נְבִיאוּת
זָאגֶען, אֵיירֶע אַלְטֶע לֵייט וָועלֶען
חֲלוֹמוֹת חָלוֹם׳ען, אונד אֵיירֶע יוּנְגֶע
לֵייט וָועלֶען זָעהֶען נְבִיאוֹת :
2 אונד אויך אִיבֶּער דִיא קְנֶעכְט
אונד דִינְסְטמֵיידֶען וָועל אִיך אִין דִיא
דָאזִיגֶע טֶעג אויסגִיסֶען מֵיין רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ :
3 אונד אִיך וָועל גֶעבֶּען וואונדֶער אִין
דֶעם הִימֶעל אונד אויף דֶער עֶרְד,
בְּלוּט, אונד פֵייעֶר אונד רויך־זֵיילֶען :
4 דִיא זוּן זָאל פֶערְקֶעהְרְט וָוערֶען
אִין פִינְסְטֶערְנִיס, אונד דִיא לְבָנָה צוּ
בְּלוּט, אֵיידֶער דֶער גְרויסֶער אונד
פָארְכְטֶערְלִיכֶער טָאג פון גָאט וָועט
אָנְקוּמֶען :
5 אונד עֶס וָועט זַיין, אַז אִיטְלִיכֶער
וָואס וָועט אָנְרוּפֶען אַן דֶעם נָאמֶען
פון גָאט וָועט עֶנְטְרִינֶען, וָוארִין אויף
דֶעם בַּארְג צִיוֹן אונד אִין יְרוּשָׁלַיִם וָועט
זַיין אֵיינֶע עֶנְטְרִינוּנְג, אַזוי ווִיא גָאט
הָאט צוּגֶעזָאגְט, אונד אויך צְווִישֶׁען
דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע וָואס גָאט וָועט
(זֵייא) רוּפֶען :

קאַפּיטעל ד

1 וָוארִין זָעה, אִין דִיא דָאזִיגֶע טֶעג
אונד אִין דִיא דָאזִיגֶע צֵייט וֶוען אִיך
וָועל צוּרִיקבְּרֶענְגֶען דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט
פון יְהוּדָה אונד יְרוּשָׁלַיִם :
2 אַזוי וָועל אִיך פֶערְזַאמֶעלְן אַלֶע
גוֹיִם, אונד אִיך וָועל זֵייא מַאכֶען
אַרוּפְּנִידֶערְן צוּ דֶעם טְהָאל פון יְהוֹשָׁפָט,
אונד אִיך וָועל מִיך מִיט זֵייא דָארְטֶען
מִשְׁפָּט׳ן, וֶועגֶען מֵיין פָאלְק אונד וֶועגֶען
יִשְׂרָאֵל מֵיין נַחֲלָה וָואס זֵייא הָאבֶּען
צוּשְׁטְרֵייעֶט צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם, אונד
וֶועגֶען מֵיין לַאנְד וָואס זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ צוּטֵיילְט :
3 אונד זֵייא הָאבֶּען אִיבֶּער מֵיין
פָאלְק גוֹרָל גֶעוָוארְפֶען, אונד זֵייא

הָאבֶּען אַװעקְגֶעגֶעבֶּען אַ יוּנְג פַאר אַ
זוֹנָה, אוּנְד אַ מֵיידֶעל הָאבֶּען זֵייא
פֶערְקױפְט פַאר װַיין, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען
טְרִינְקֶען׃
4 יוֹא, אוּנְד װָאס הָאט אִיהְר מִיט
מִיר צוּ טְהוּן, אוֹי צוֹר אוּנְד צִידוֹן,
אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גְרֶענֶעצֶען פוּן
פְּלֶשֶׁת? װִילְט אִיהְר מִיר דֶען בֶּעצָאה־
לֶען אַ בֶּעצָאהְלוּנְג? אוּנְד אויבּ אִיהְר
װֶעט מִיר שׁוֹין בֶּעצָאהְלֶען, אַזוֹי װֶעל
אִיךְ עֶס בַּאלְד צוּרִיקְצָאהְלֶען אוֹיף
אֵיירֶע קֶעפּ׃
5 װַייל אִיהְר הָאט אַװעקְגֶענוּמֶען
מֵיין זִילְבֶּער אוּנְד מֵיין גָאלְד, אוּנְד
מֵיינֶע שֵׁיינֶע גְלוּסְטִיגֶע זַאכֶען הָאט
אִיהְר אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט אִין אֵיירֶע הֵיכָלְס
(טֶעמְפֶּעלְס)׃
6 אוּנְד אִיהְר הָאט פֶערְקױפְט דִיא
קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה אוּנְד דִיא קִינְדֶער
פוּן יְרוּשָׁלַיִם צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא
יְוָנִים, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען דֶערְוֵוייטֶערְט
װֶערֶען פוּן זֵיירֶע גְרֶענֶעצֶען׃
7 זֶעהְט, אַזוֹי װֶעל אִיךְ זֵייא דֶערְ־
װֶעקֶען פוּן דֶעם אָרְט פוּן װָאוּ אִיהְר
הָאט זֵייא דָארְט אַהִין פֶערְקױפְט, אוּנְד
אִיךְ װֶעל אֵייךְ צוּרִיקְבֶּעצָאהְלֶען אוֹיף
אֵיירֶע אֵייגֶענֶע קֶעפּ׃
8 אוּנְד אִיךְ װֶעל אֵיירֶע זִיהְן אוּנְד
אֵיירֶע טֶעכְטֶער פֶערְקױפֶען דוּרְךְ דִיא
הַאנְד פוּן דִיא קִינְדֶער יְהוּדָה, אוּנְד
זֵייא װֶעלֶען זֵייא (װִידֶער) פֶערְקױפֶען
צוּ דִיא שְׁבָאִים צוּ אַ פָאלְק פוּן װַייט
אַהֶער, װָארִין גָאט הָאט עֶס גֶערֶעט׃
9 רוּפְט דָאס דָאזִיגֶע אוֹיס צְוִוישֶׁען
דִיא גוֹיִם, הֵיילִיגְט (בְּרֵייט אָן) אַ
מִלְחָמָה, דֶערְוֶועקְט דִיא גִבּוֹרִים, לָאזֶען
זֵייא זִיךְ גֶענֶעהֶנֶען, לָאזֶען אַלֶע
מִלְחָמָה־לֵייט אַרוֹיפְקוּמֶען׃
10 מַאכְט אֵיירֶע אַקֶערְאֵייזֶען צוּ
שְׁװֶערְדֶען, אוּנְד אֵיירֶע שְׁנִיט־מֶעסֶער צוּ
שְׁפִּיזֶען, לָאז דֶער שְׁלַאפֶער זָאגֶען אִיךְ
בִּין שְׁטַארְק׃
11 אֵיילְט אֵייךְ אוּנְד קוּמְט צוּזַאמֶען
אִיהְר אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן רִינְגְס אַרוּם,
אוּנְד פֶערְזַאמֶעלְט אֵייךְ, לָאזֶען דֵיינֶע
גִבּוֹרִים דָארְט אַהִינְקוּמֶען, אוֹי גָאט!
12 לָאזֶען זִיךְ דִיא הֵיידֶען דֶערְוֶועקֶען
אוּנְד לָאזֶען זֵייא אַרוֹיפְגֵיין צוּ דֶעם
טְהָאל פוּן יְהוֹשָׁפָט, װָארִין דָארְטֶען
װֶעל אִיךְ זִיצֶען צוּ מִשְׁפָּט׳ן אַלֶע
הֵיידֶען פוּן רִינְגְסאַרוּם׃
13 שִׁיקְט אוֹיס דָאס שְׁנֵיידְמֶעסֶער
(אַ סֶערְפּ) װָארִין דֶער שְׁנִיט אִיז צֵייטִיג,
קוּמְט אַרוֹפּ װָארִין דִיא קֶעלְטֶער אִיז
פוּל, דִיא װַיין פֶעסֶער לוֹיפֶען־אִיבֶּער,
װַייל זֵיירֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אִיז זֶעהְר
גְרוֹיס׃
14 גְרוֹיסֶע שָׁארֶען, פוּן חֲיָלוֹת (װֶעלֶען
זֵיין) אִין דֶעם טְהָאל װָאס אִיז בֶּע־
שְׁטִימְט, װָארִין דֶער טָאג פוּן גָאט אִיז
נָאהֶענְט אִין דֶעם טְהָאל פוּן בֶּעשְׁטִימוּנְג׃
15 דִיא זוּן אוּנְד דִיא לְבָנָה װֶעלֶען
(שְׁװַארְץ) פִינְסְטֶער װֶערֶען, אוּנְד דִיא
שְׁטֶערֶען װֶעלֶען אוֹיפְהֶערֶען צוּ שֵׁיינֶען׃
16 אוּנְד גָאט װֶעט שְׁרֵייעֶן אוֹיס צִיוֹן,
אוּנְד אוֹיס יְרוּשָׁלַיִם װֶעט עֶר גֶעבֶּען
זֵיין קוֹל, אוּנְד דִיא הִימֶעלְן אוּנְד דִיא
עֶרְד װֶעלֶען שְׁטוּרְמֶען (צִיטֶערְן), אָבֶּער
גָאט װֶעט זֵיין אַ בֶּעשִׁיצוּנְג צוּ זֵיין
פָאלְק, אוּנְד אַ שְׁטַארְקֶע מַאכְט צוּ
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃
17 אוּנְד אַזוֹי װֶעט אִיהְר װִיסֶען אַז
אִיךְ בִּין יְהֹוָה אֵייעֶר גָאט, װָאס װאוֹינְט
אִין צִיוֹן מֵיין הֵיילִיגֶען בַּארְג, אוּנְד


דאס

דאס ירושלים וועט זיין הייליג, אונד
קיינע פרעמדע וועלען ניט מעהר דורך
איהר איבערפאהרען:
18 אונד עס וועט זיין אין דעם
דאזיגען טאג, אזוי וועלען דיא בערג
ארונטער טריפען גייעס וויין, אונד דיא
קליינע בערגלעך וועלען פליסען מיט
מילך, אונד אלע טייכען פון יהודה
וועלען פליסען מיט וואסער, אונד א
קוואל וועט ארויסגיין פון גאט'ס הויז,
אונד וועט בעוועסערן דאס טהאל פון
שטים:
19 מצרים וועט ווערען א פערוויסטונג,
אונד אדום וועט ווערען א פערוויסטע
מדבר, וועגען דעם רויב פון דיא
קינדער פון יהודה, אונד ווייל זייא
האבען פערגאסען אונשולדיגעס בלוט
אין זייער לאנד:
20 אונד יהודה וועט אייביג בע־
וואוינט זיין, אונד ירושלים פון דור צו
דור:
21 וואָרין איך וועל ריינינגען זייער
בלוט וואס איך האב נאך ניט געריינינגט,
אונד יהוה וועט וואוינען אין ציון:

# עמוס.

1 דיא ווערטער פון עמוס, וואס איז
געוועזען צווישען דיא פינסטערנים פון
תקוע, וואס ער האט געזעהען נביאות
איבער ישראל, אין דיא טעג פון עזיה
מלך פון יהודה, אונד אין דיא טעג
פון ירבעם זוהן פון יואש קעניג פון
ישראל, צוויא יאהר פאר דיא
ערדציטערנים:
2 אונד ער האט געזאגט, גאט וועט
שרייען אויס ציון, אונד אויס ירושלים
וועט ער געבען זיין קול, אונד דיא
וואוינונגען פון דיא פאסטוכערס וועלען
וויסט (אדער טרויריג) ווערען, אונד
דער שפיץ פון דעם בארג כרמל וועט
פערדארט ווערען:
3 אזוי זאגט גאט, וועגען דרייא זינד
פון דמשק, אונד וועגען פיער וועל
איך ניט אוועקקעהרען (דיא שטראף
דערפון), ווייל זייא האבען געדרעשט
גלעד מיט אייזערנע אינסטרומענטען:
4 אונד איך וועל ארויסשיקען א
פייער צו דעם הויז פון חזאל, אונד
עס וועט פערברענען דיא פאלאסטען
פון בן־הדד:
5 אונד איך וועל צובּרעכען דיא
ריגעלן פון דמשק, אונד איך וועל
פערטילגען דיא איינוואוינער פון דעם
טהאל און, אונד דעם וואס האלט דעם
(צעפטער) פון דעם הויז עדן, אונד
דאס פאלק פון ארם וועלען פערטריבען
ווערען נאך קירה, זאגט דער האר:
6 אזוי זאגט גאט, וועגען דרייא
זינד פון עזה, אונד וועגען פיער וועל
איך ניט אומקעהרען (דיא שטראף
דערפון), ווייל זייא האבען דיא
גאנצע געפאנגענשאפט אין גלות

אַריינגעפיהרט, כּדי זייא צו איבּערֶ־
ענטפערן צו אֱדום:
7 דארום װעל איך אויסשיקען אַ
פייער אין דיא מויערן פון עַזָה, אונד
עס װעט פערברענען איהרע פּאַ־
לאַסטען:
8 אונד איך װעל פערטילגען דיא
איינוואוינער פון אַשׁדוד, אונד דעם
װאס האלט דיא רוט (צעפּטער) פון
אַשׁקלון, אונד איך װעל אומקעהרען
מיינע האנד קעגען עֶקרון, אונד דיא
איבּערבּלייבּונג פון דיא פּלשׁתּים װעלען
פערלוירען װערען, זאגט דער האר
גאט:
9 אַזוי זאגט גאט, װעגען דרייא זינד
פון צור, אונד װעגען פיער װעל איך
ניט אומקעהרען (דיא שטראף דערפון),
װייל זייא האבען דאס גאנצע גלות
איבּערגעענטפערט צו אֱדום, אונד זייא
האבען ניט געדענקט אן דעם
בּרידערליכען בּרית:
10 דארום װעל איך אויסשיקען אַ
פייער אין דיא מויערן פון צור,
אונד עס װעט פערברענען איהרע
פּאַלאַסטען:
11 אַזוי זאגט גאט, װעגען דרייא
זינד פון אֱדום, אונד װעגען פיער װעל
איך ניט אומקעהרען (דיא שטראף
דערפון), װייל ער האט נאכגעיאגט
מיט דעם שװערד זיין ברודער, אונד
ער האט קיין רַחמנוּת ניט געהאט,
אונד ער האט פערצוקט זיין צארן
אויף אייביג, אונד ער האט זיין גרימ־
צארן אויף אייביג געהיט:
12 דארום װעל איך אויסשיקען אַ
פייער אין תּימן, אונד עס װעט פער־
ברענען איהרע פּאַלאַסטען אין בָּצרה:

13 אַזוי זאגט גאט, װעגען דרייא זינד
פון דיא בּני־עַמון, אונד װעגען פיער
װעל איך ניט אָפּװעקקעהרען (דיא
שטראף דערפון), װייל זייא האבען
צושפּאלטען דיא טראגעדיגע װייבּער
פון גלעד, כּדי צו דערװייטערן זייערע
גרענעץ:
14 דארום װעל איך אָנצינדען אַ
פייער אין דיא מויערן פון רַבָּה, אונד
עס װעט פערברענען איהרע פּאַלאַס־
טען, דורך אַ שאל אין דעם טאג פון
דער מלחמה, אין דעם שטורם, אין
דעם טאג פון דעם שטורמווינד:
51 אונד זייער מֶלך װעט גיין אין
גלות אַריין, ער צוזאמען מיט זיינע
פירשטען, זאגט גאט:

## קאפיטעל ב

1 אַזוי זאגט גאט, װעגען דרייא זינד
פון מואב אונד װעגען פיער װעל איך
ניט אָפּװעקקעהרען (דיא שטראף דערֶ־
פון), װייל ער האט פערברענט דיא
בּיינער פון דעם מֶלך פון אֱדום אויף
קאַלך:
2 דארום װעל איך אויסשיקען אַ
פייער אין מואב, אונד עס װעט
פערברענען דיא פּאַלאַסטען פון קריות,
אונד מואב װעט שטארבען מיט אַ
געטומעל אונד מיט דעם שאלונג פון
דעם קול שופר:
3 אונד איך װעל פערשניידען דעם
שופט פון צװישען איהר, אונד איך
װעל דערשלאגען אַלע איהרע פירשטען
מיט איהם, זאגט דער האר:
4 אַזוי זאגט גאט, װעגען דרייא זינד
פון יהודה אונד װעגען פיער װעל איך
ניט אומקעהרען (דיא שטראף דערפון),
װייל זייא האבען פערװאָרפען דיא

תּוֹרָה פוּן גָאט, אוּנְד ווייל זֵייא
הָאבֶּען נִיט גֶעהִיט זֵיינֶע גֶעזֶעץ. אוּנְד
זֵיירֶע לִיגֶען הָאבֶּען זֵייא פֶערְפִיהְרְט
(פֶערְאִירְט), נָאךְ וֶועלְכֶע זֵיירֶע אָבוֹת
זֶענֶען נָאכְגֶענַאנְגֶען:
5 דַארוּם וֶועל אִיךְ אוֹיסְשִׁיקֶען אַ
פֵייעֶר אִין יְהוּדָה, אוּנְד עֶס וֶועט
פֶערבְּרֶענֶען דִיא פַּאלַאסְטֶען פוּן
יְרוּשָׁלַיִם:
6 אַזוֹי זָאגְט גָאט, וֶוענֶען דְרֵייא זִינְד
פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד וֶוענֶען פִיעֶר וֶועל
אִיךְ נִיט אַוֶועקְקֶעהְרֶען (דִיא שְׁטְרָאף
דֶערְפוּן), ווייל זֵייא הָאבֶּען פֶערְקוֹיפְט
דֶעם צַדִיק פַאר גֶעלְד, אוּנְד דֶעם
בֶּעדַארְפְטִיגֶען פַאר אַ פָּאר שִׁיךְ:
7 וָואס טְרַאכְטֶען וִויא זֵייא קֶענֶען
אַרוֹיפְטְהוּן דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן דֶער עֶרְד
אוֹיף דִיא קֶעפּ פוּן דֶעם אָרֶעמֶען, אוּנְד
אָפְּנֵייגֶען דֶעם וֶועג פוּן דִיא דֶעמִיטִיגֶע,
אוּנְד אַ מַאן אוּנְד זֵיין פָאטֶער גֵייעֶן
אַרֵיין צוּ (דֶעמְזֶעלְבֶּען) מֵיידֶעל, כְּדֵי
מְחַלֵל צוּ זֵיין מֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען:
8 אוּנְד זֵייא לֵייגֶען זִיךְ אַנִידֶער אוֹיף
מַשְׁכּוֹן-קְלֵיידֶער גֶעבֶּען אִיטְלִיכֶען
מִזְבֵּחַ, אוּנְד זֵייא טְרִינְקֶען דֶעם וויין
פוּן בֶּעשְׁטְרָאפְטֶע אִין דֶעם הויז פוּן
זֵיירֶע אָפְּגֶעטֶער:
9 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ פֶערְטִילְגְט דֶעם
אֱמוֹרִי פַאר זֵייעֶר פָּנִים, הָאטְשֶׁע זֵיינֶע
הֵייךְ אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא דִיא הויך
פוּן טֶענֶענְבֵּיימֶער, אוּנְד אַזוֹי שְׁטַארְק
וִויא דִיא לִינְדֶען-בֵּיימֶער, דָאךְ הָאבּ
אִיךְ פֶערְטִילְגְט זֵיינֶע פֵּירוֹת פוּן
אוֹיבֶּען אוּנְד זֵיינֶע וָוארְצֶעל פוּן
אוּנְטֶען:
10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אַרוֹיפְגֶע-
בְּרֶענְגְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעפִיהְרְט אִין דִיא
מִדְבָּר פֶערְצִיג יָאהְר, כְּדֵי צוּ יַרְשְׁנֶ'ן
דָאס לַאנְד פוּן דֶעם אֱמוֹרִי:
11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט
פוּן אֵיירֶע זִיהְן נְבִיאִים, אוּנְד פוּן
אֵיירֶע יוּנְגֶע לֵייט פַאר אָפְּגֶעשֵׁייטֶע
(נְזִירִים), אִיז עֶס דֶען נִיט אוֹיךְ אַזוֹי,
אוֹי אִיהְר קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל? זָאגְט
גָאט:
12 אָבֶּער אִיהְר הָאט דִיא נְזִירִים
גֶעגֶעבֶּען וויין צוּ טְרִינְקֶען, אוּנְד צוּ
דִיא נְבִיאִים הָאט אִיהְר גֶעבָּאטֶען,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיהְר זָאלְט נִיט קֵיין
נְבִיאוֹת זָאגֶען:
13 זֶעהְט, אִיךְ וֶועל אוּנְטֶער אֵייךְ
אַזוֹי עֶנְג מַאכֶען, אַזוֹי וִויא אַ וָואגֶען
אִיז עֶנְג וָואס אִיז פוּל מִיט גַארְבֶּען
(תְּבוּאָה):
14 דַארוּם וֶועט דִיא עֶנְטְלוֹיפוּנְג פוּן
דֶעם פְלִינְקֶען פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען,
אוּנְד דֶער שְׁטַארְקֶער זָאל זִיךְ נִיט
שְׁטַארְקֶען מִיט זֵיין כּוֹחַ, אוּנְד דֶער
גִבּוֹר וֶועט זִיךְ נִיט קֶענֶען מַצִיל זֵיין:
15 אוּנְד דֶער וָואס הַאפְּט אָן דֶעם
(פֵייל) בּוֹיגֶען וֶועט אוֹיךְ נִיט קֶענֶען
בֶּעשְׁטֵיין, אוּנְד דֶער וָואס אִיז שְׁנֶעל
אוֹיף דִיא פִּיס וֶועט נִיט קֶענֶען
עֶנְטְרִינֶען, אוּנְד דֶער וָואס רֵייט אוֹיף
אַ פֶערְד וֶועט זִיךְ אוֹיךְ נִיט קֶענֶען
מַצִיל זֵיין:
16 אוּנְד דֶער וָואס זֵיין הַארְץ אִיז
שְׁטַארְק אַפִילוּ אוּנְטֶער דִיא גִבּוֹרִים,
וֶועט נַאקֶעט עֶנְטְלוֹיפֶען אִין דֶעמְזֶעלְ-
בִּיגֶען טָאג, זָאגְט גָאט:

## קאפיטעל ג

1 הֶערְט דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט וָואס
גָאט הָאט צוּ אֵייךְ גֶערֶעט, אוֹי אִיהְר

קינדער פון ישׂראל! וועגען דער
גאנצער משפּחה וואס איך האב ארויפ־
געבראכט פון דעם לאנד מצרים, אזוי
צו זאגען:
2 גייערט איך אליין האב איך
דערקענט פון אלע משפּחות פון דעם
לאנד, דארום וועל איך אייך בעשטראָ־
פען וועגען אלע אייערע זינד:
3 קענען דען צוויא צוזאמען גיין,
עס זייא דען דאס זייא האבען זיך
פריהער בעשטעלט?
4 אדער וויל א לייב שרייען אין דעם
וואלד ווען ער האט ניט קיין פערר־
צוקונג? אדער זאל א יונגער לייב
שרייען מיט זיין קול ווען ער האט
גאר ניט געכאפּט?
5 קען דען א פויגעל פאלען אין
דעם נעץ אויף דער ערד ווען עס
איז ניט פערהאנדען א שטרויכלונג?
אדער קען דען איין נעץ אויפגענומען
ווערען פון דער ערד ווען עס האט
גאר ניט געכאפּט?
6 אדער בלוזט מען שופר אין דער
שטאט אונד זאל דאס פאלק ניט
ציטערן? אדער ווען איין אונגליק
וועט זיין אין א שטאט אונד גאט
האט עס ניט געטהון?
7 וואָרין גאט טהוט קיין שום זאך,
עס זייא דען דאס ער ענטפּלעקט
זיין סוד צו זיינע קנעכט דיא
נביאים:
8 ווען דער לייב שרייט ווער זאל
ניט קיין מורא האבען? ווען דער
האר גאט רעדט ווער זאל ניט נביאות
זאגען?
9 לאזט עס העהרען אין דיא פאלאס־
טען פון אשדוד, אונד אין דיא
פאלאסטען אין דעם לאנד מצרים,
אונד זאגט, פערזאמעלט אייך אויף
דיא בערג פון שומרון, אונד זעהט
אן דאס גרויסע געטומעל צווישען
איהר, אונד דיא אונטערדריקונג וואס
איז אין איהר מיטען:
10 וואָרין זייא ווייסען ניט רעכט
צו טהון, זאגט גאט, זייא האבען
(זאמעלן אן) רויבעריא אונד צושטער־
רונג אין זייערע פאלאסטען:
11 דארום, אזוי זאגט דער האר
גאט, עס וועט זיין (קומען) א פיינד
אונד וועט ארומרינגלען דאס לאנד,
אונד ער וועט פון דיר ארופּברענגען
דיינע שטארקהייט, אונד דיינע פא־
לאסטען וועלען בערויבט ווערען:
12 אזוי זאגט דער האר, אזוי וויא
א פּאסטוך איז מציל פון דעם מויל
פון דעם לייב צוויא קניען אדער
איין אויער־לעפּעל, גראד אזוי וועלען
דיא קינדער ישׂראל ניצול ווערען,
וואס וואוינען אין שמרון אין דעם
עק בעט, אונד אין דמשק אויף א
דיוואן:
13 העהרט עס אונד זאגט עדות אין
דעם הויזגעזינד פון יעקב, זאגט דער
האר גאט, דער גאט פון צבאות:
14 וואָרין אין דעם טאג ווען איך
וועל בעשטראפען דיא זינד פון ישׂראל
איבער איהם, וועל איך אויך בע־
שטראפען וועגען דיא מזבחות פון
בית־אל, אונד דיא הערנער (ווינקעלן)
פון דעם מזבח וועלען אפּגעשניטען
ווערען, אונד זייא וועלען פאלען אויף
דער ערד:
15 אונד איך וועל שלאגען דאס
ווינטער־הויז מיט דעם זומער־הויז,

אוּנְד דִיא הֵייזֶער פוּן דִיא עֶלְפַאנְדֶען־בֵּיינֶער וֶועלֶען פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען אוּנְד פִילֶע אַנְדֶערֶע הֵייזֶער וֶועלֶען פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען זָאגְט גָאט:

## קאפיטעל ד

1 הֶערְט דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט, אִיהְר קִיה פוּן בָּשָׁן, וָואס זֶענֶען אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן שֹׁמְרוֹן, וָואס אוּנְטֶערְדְרִיקֶען דִיא אָרֶעמֶע לֵייט, וָואס צוּשְׁטוֹיסֶען דִיא בֶּעדַארְפְטִיגֶע, וָואס זָאגֶען צוּ זֵיירֶע הַארֶען, בְּרֶענְגְט אַהֶער, אוּנְד לָאמֶער טְרִינְקֶען:

2 דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעשְׁוָוארֶען בַּייא זֵיינֶע הֵיילִיגְקַייט, וָוארִין זֶעה טֶעג וֶועלֶען קוּמֶען אִיבֶּער אַייךְ, וֶוען מֶען וֶועט אַייךְ אַוֶּועקְטְרָאגֶען מִיט שְׁפִּיצִיגֶע הָאקֶענְס, אוּנְד אֵיירֶע נָאכְקוּמֶען מִיט פִישׁ־הָאקֶענְס:

3 אוּנְד אִיהְר וֶועט אַרוֹיסְגֵיין דוּרְךְ דִיא אֵיינְגֶעבְּרָאכֶענֶע (מוֹיעֶרְן) אִיטְלִיכֶע פְרוֹיא פַאר זִיךְ, אוּנְד אִיהְר וֶועט אַייךְ פֶערְוַוארְפֶען אוֹיף דִיא בֶּערְג הַרְמוֹן, זָאגְט גָאט:

4 קוּמְט נָאךְ בֵּית אֵל אוּנְד זִינְדִיגְט, אוּנְד מֶעהְרְט צוּ זִינְדִיגֶען אִין גִלְגָל, אוּנְד בְּרֶענְגְט אִיטְלִיכֶען מָארְגֶען אֵיירֶע קָרְבָּנוֹת, אוּנְד אֵיירֶע מַעְשְׂרוֹת נָאךְ דְרֵייא יָאהְר (פוּן טֶעג):

5 אוּנְד אִיהְר זֶענְט מַקְרִיב אַ קָרְבָּן תּוֹדָה מִיט חָמֵץ, אוּנְד אִיהְר רוּפְט אוֹיס אוּנְד אִיהְר מַאכְט הֶערֶען אַז עֶס אִיז אַ נְדָבָה, וָוארִין אַזוֹי לִיבְּט אִיהְר עֶס, אוֹי אִיהְר קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל! זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

6 דַארוּם הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ צוּ אַייךְ גֶעגֶעבֶּען רֵיינֶע (לֵיידִיגֶע) צֶעהְן, אִין אַלֶע אֵיירֶע שְׁטֶעט, אַז עֶס פֶעהְלְט אַייךְ בְּרוֹיט אִין אַלֶע אֵיירֶע עֶרְטֶער, אוּנְד דָאךְ הָאט אִיהְר אַייךְ נִיט צוּ מִיר צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, זָאגְט גָאט:

7 אוּנְד אִיךְ הָאבּ פוּן אַייךְ צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען דֶעם רֶעגֶען, וֶוען עֶס אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען דְרֵייא חָדָשִׁים צוּ דֶער שְׁנִיטצַייט, אִיךְ הָאבּ גֶעלָאזְט רֶעגְנֶען אוֹיף אֵיינֶע שְׁטָאט אָבֶּער אִיבֶּער דִיא אַנְדֶערֶע שְׁטָאט הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעלָאזְט רֶעגְנֶען, אַזוֹי דָאס אוֹיף אֵיין חֵלֶק הָאט עֶס גֶערֶעגֶענְט אוּנְד אוֹיף אֵיין אַנְדֶערְן חֵלֶק וְואוּ עֶס הָאט נִיט גֶערֶעגֶענְט אִיז עֶס פֶערְדַארְט גֶעוָוארֶען:

8 אוּנְד פוּן צְוֵוייא אוּנְד דְרֵייא שְׁטֶעט הָאבֶּען זֵייא אַרוּמְגֶעוַואנְדֶערְט צוּ אֵיין שְׁטָאט כְּדֵי וַואסֶער צוּ טְרִינְקֶען אָבֶּער זֵייא זֶענֶען נִיט זַאט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דָאךְ הָאט אִיהְר אַייךְ נִיט צוּ מִיר צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, זָאגְט גָאט:

9 אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעשְׁלָאגֶען מִיט פֶערְדַארְטֶע אוּנְד פֶערְשִׁימֶעלְטֶע תְּבוּאָה, אוּנְד פִילֶע פוּן אֵיירֶע וַויינְגֶערְטֶען אוּנְד אֵיירֶע וַויינְבֶּערְג אוּנְד אֵיירֶע פֵייגֶענְבֵּיימֶער אוּנְד אֵיילְבֶּערְטבֵּיימֶער הָאבֶּען דִיא הֵיישְׁרֶעקֶען אוֹיפְגֶעפְרֶעסֶען, אוּנְד דָאךְ הָאט אִיהְר אַייךְ נִיט צוּ מִיר צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, זָאגְט גָאט:

10 אִיךְ הָאבּ קֶעגֶען אַייךְ גֶעשִׁיקְט דִיא פֶּעסְט אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן אִין דֶעם וֶועג פוּן מִצְרַיִם, אִיךְ הָאבּ דֶערְשְׁלָאגֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד, אֵיירֶע יוּנְגֶע מֶענֶער זֶענֶען גֶעפַאנְגֶען גֶעוָוארֶען מִיט זֵיירֶע פֶערְד, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אַרוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט אַ גֶעשְׁטַאנְק אִין אֵיירֶע מַחְנֶה בִּיז צוּ אֵיירֶע נָאז אוּנְד דָאךְ הָאט אִיהְר אַייךְ נִיט צוּ מִיר צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, זָאגְט גָאט:

11 אִיךְ הָאבּ אִין אֵייךְ פֶערְקֶעהְרְט אַזוי וויא גָאט הָאט פֶערְקֶעהְרְט סְדוֹם אוּנְד עֲמוֹרָה, אוּנְד אִיהְר זֶענְט גֶע־וָוארֶען אַזוי וויא אַ בְּרַאנְד וָואס מֶען הָאט מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן אַ שְׂרֵפָה, אוּנְד דָאךְ הָאט אִיהְר אֵייךְ נִיט צוּ מִיר צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, זָאגְט גָאט:

12 דַארוּם וֶועל אִיךְ צוּ דִיר אַזוי טְהוּן, אוי יִשְׂרָאֵל! אוּנְד ווייל אִיךְ וֶועל צוּ דִיר דָאס דָאזִיגֶע טְהוּן, אַזוי בְּרֵייט דִיךְ אָן צוּ בֶּעגֶעגְנֶען דֵיין גָאט, אוי יִשְׂרָאֵל!

13 וָוארִין, זֶעה, דֶער וָואס הָאט בֶּעשַׁאפֶען דִיא בֶּערְג, אוּנְד הָאט בֶּעשַׁאפֶען דֶעם ווינְד, אוּנְד (ווייזְט) זָאגְט אָן צוּ דֶעם מֶענְשׁ וָואס זֵיין אֵייגֶענֶער גֶעדַאנְקֶען אִיז, עֶר מַאכְט דָאס מָארְגֶענְלִיכְט צוּ פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד טְרֶעט אויף דִיא הויכֶע עָרְטֶער פוּן דֶער עֶרְד, יְהֹוָה, דֶער גָאט פוּן צְבָאוֹת אִיז זֵיין נָאמֶען:

קאפיטעל ה

1 הֶערְט דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט וָואס אִיךְ הֵייבּ אויף קֶעגֶען אֵייךְ, יוֹא אַ קְלָאג, אוי הויזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל:

2 דִיא בְּתוּלָה יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעפַאלֶען, אוּנְד וֶועט נִיט מֶעהְר קֶענֶען אויפְשְׁטֵיין, זִיא אִיז פֶערְוָוארְפֶען אוּנְד אויסְגֶעשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען פוּן אִיהְר לַאנְד אוּנְד קֵיינֶער קֶען זִיא נִיט אויפְשְׁטֶעלֶען:

3 וָוארִין אַזוי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דִיא שְׁטָאט וָואס גֵייט אַרוֹיס מִיט טויזֶענְד דִיא זָאל נָאר הוּנְדֶערְט אִיבֶּערְלָאזֶען, אוּנְד דִיא וָואס גֵייט אַרוֹיס מִיט הוּנְדֶערְט וֶועט אִיבֶּערְלָאזֶען צֶעהְן צוּ דֶעם הויזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל:

4 וָוארִין אַזוי זָאגְט גָאט צוּ דֶעם הויזְגֶעזִינְד יִשְׂרָאֵל, זוּכְט מִיךְ אַזוי וֶועט אִיהְר לֶעבֶּען:

5 אָבֶּער זוּכְט נִיט בֵּית־אֵל, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט אַרֵיינְקוּמֶען נָאךְ גִלְגָל, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אויךְ נִיט אִיבֶּערְ־פָאהְרֶען דוּרְךְ בְּאֵר שֶׁבַע, וָוארִין גִלְגָל וֶועט גֶעווִיס אִין גָלוּת פֶערְטְרִיבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד בֵּית־אֵל וֶועט אויךְ צוּ נִישְׁט וֶוערֶען:

6 זוּכְט גָאט אַזוי וֶועט אִיהְר לֶעבֶּען, כְּדֵי עֶר זָאל נִיט אויסבְּרֶעכֶען אַזוי וויא אַ פֵייעֶר אִיבֶּער דֶעם הויזְגֶעזִינְד פוּן יוֹסֵף אַז עֶס זָאל בְּרֶענֶען אוּנְד קֵיינֶער וֶועט עֶס נִיט קֶענֶען אויסְ־לֶעשֶׁען אִין בֵּית־אֵל:

7 אִיהְר וָואס הָאט פֶערְקֶעהְרְט דָאס מִשְׁפָּט צוּ וֶוערְמוּט, אוּנְד אִיהְר הָאט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט גֶעלֵייגְט צוּ דֶער עֶרְד:

8 (זוּכְט אִיהְם) וָואס מַאכְט (דִיא צְוֵייא מַזָלוֹת) כִּימָה אוּנְד כְּסִיל, אוּנְד פֶערְקֶעהְרְט דָאס מָארְגֶענְלִיכְט צוּ אַ טוֹיט־שָׁאטֶען, אוּנְד מַאכְט דֶעם טָאג פִינְסְטֶער מִיט דִיא נַאכְט, וָואס רוּפְט צוּ דִיא וַואסֶערְן פוּן דֶעם יַם אוּנְד עֶר גִיסְט זֵייא אויס אויף דֶער עֶרְד, יְהֹוָה אִיז זֵיין נָאמֶען:

9 וָואס שְׁטַארְקְט דֶעם בֶּערוֹיבְּטֶען קֶעגֶען דֶעם שְׁטַארְקֶען, אַזוי דָאס דֶער רֵייבֶּער קוּמְט אויף דִיא פֶעסְטֶע (שְׁטֶעט):

10 זֵייא הָאבֶּען פֵיינְד דֶעם וָואס שְׁטְרָאפְט אִין דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד זֵייא פֶערְאוּמְוֶוערְדִיגֶען דֶעם וָואס רֶעדְט אויפְרִיכְטִיגֶעס:

11 דַארוּם, ווייל אִיהְר טְרֶעט אויף

דֶעם אָרֶעמֶען, אוּנְד אִיהְר נֶעמְט פוּן
אִיהְם אַוֶועק דִיא מַשָׂא פוּן תְּבוּאָה,
אַזוֹי וֶועט אִיהְר דִיא הֵייזֶער וָואס אִיהְר
הָאט גֶעבּוֹיעט מִיט אוֹיסְגֶעהַאקְטֶע
שְׁטֵיינֶער נִיט בֶּעווָאוּנֶען, אוּנְד אִיהְר
הָאט גֶעפְלַאנְצְט לוּסְטִיגֶע ווַיינְגֶערְטֶען,
אָבֶּער אִיהְר וֶועט נִיט טְרִינְקֶען דֶעם
ווַיין דֶערְפוּן:
12 וָוארִין אִיךְ ווֵייס אֵיירֶע פִילֶע אוּנְד
שְׁטַארְקֶע זִינְדֶען, אִיהְר וָואס טְהוּט
בֶּעלֵיידִיגֶען דֶעם צַדִיק אוּנְד אִיהְר
נֶעמְט שׁוֹחַד אוּנְד אִיהְר גֵייגְט אָפּ
דֶעם אָרֶעמֶען אִין דֶעם טוֹיעֶר:
13 דַארוּם מוּס דֶער קְלוּגֶער אִין
דֶערְזֶעלְבִּיגֶער צַייט שְׁווַייגֶען, וָוארִין
דָאס אִיז אַ שְׁלֶעכְטֶע צַייט:
14 זוּכְט גוּטֶעס אוּנְד נִיט בֵּייזֶעס כְּדֵי
אִיהְר זָאלְט לֶעבֶּען, אוּנְד אַזוֹי וֶועט
יְהוָֹה דֶער גָאט צְבָאוֹת זַיין מִיט אֵייךְ,
אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט גֶעטְרַאכְט:
15 הָאט פֵיינְד דָאס בֵּייזֶע, אוּנְד
לִיבְּט דָאס גוּטֶע, אוּנְד שְׁטֶעלְט אוֹיף
(אַ גֶערֶעכְט) מִשְׁפָּט אִין דֶעם טוֹיעֶר,
טָאמֶער וֶועט יְהוָֹה, דֶער גָאט צְבָאוֹת
לַייטְזֶעלִיגֶען דִיא אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג פוּן
יוֹסֵף:
16 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה דֶער
גָאט צְבָאוֹת, דֶער הַאר, אַ קְלָאג וֶועט
זַיין אִין אַלֶע גַאסֶען, אוּנְד אִין אַלֶע
גַאסֶען וֶועט מֶען זָאגֶען, אוֹי ווַייא!
אוֹי ווַייא! אוּנְד זַייא וֶועלֶען רוּפֶען
דִיא אַקֶערְלֵייט צוּ טְרוֹיעֶרְן אוּנְד
קְלָאגֶען, אוּנְד אַ קְלָאג צוּ דִיא וָואס
ווֵייסֶען צוּ קְלָאגֶען:
17 אוּנְד אִין אַלֶע ווַיינְגֶערְטֶען וֶועט
זַיין קְלָאגֶען, וָוארִין אִיךְ וֶועל צְווִישֶׁען
דִיר אִיבֶּערְפָּארֶען, זָאגְט גָאט:

18 אוֹי ווַייא צוּ אֵייךְ וָואס גְרִיסְט
דֶעם טָאג פוּן גָאט, צוּ וָואס טוֹיג אֵייךְ
דֶער דָאזִיגֶער טָאג פוּן גָאט? עֶר
אִיז פִינְסְטֶערְנִיס אוּנְד נִיט קֵיין לִיכְט:
19 וָוארִין אַזוֹי וִויא אַ מֶענְשׁ וֶוען
עֶר עַנְטְלוֹיפְט פַאר אַ לֵייבּ, אוּנְד אַ
בֶּער בֶּעגֶעגֶענְט אִיהְם, אוּנְד וֶוען עֶר
קוּמְט אִין דֶעם הוֹיז אַרַיין אוּנְד לֶעהְנְט
אָן זַיינֶע הַאנְד אַן דֶער וַואנְד אוּנְד אַ
שְׁלַאנְג שְׁטֶעכְט אָדֶער בֵּייסְט אִיהְם:
20 אִיז דֶען נִיט דֶער טָאג פוּן גָאט
פִינְסְטֶערְנִיס אוּנְד נִיט לִיכְטִיג, אוּנְד
גַאנְץ פִינְסְטֶער אוּנְד עֶס שֵׁיינְט נִיט
צוּ אִיהְם?
21 אִיךְ הָאבּ פֵיינְד אוּנְד אִיךְ פֶערְ-
אַכְט אֵיירֶע יָמִים טוֹבִים, אוּנְד אִיךְ
וֶועל נִיט שְׁמֶעקֶען דֶעם רֵיחַ פוּן אֵיירֶע
פֵייעֶרְלִיכֶע פֶערְזַאמְלוּנְגֶען:
22 חָאטְשֶׁע אִיהְר וֶועט צוּ מִיר מַקְרִיב
זַיין קָרְבָּן עוֹלוֹת אוּנְד קָרְבָּן מְנָחוֹת
וֶועל אִיךְ זֵייא דָאךְ נִיט אָנְנֶעמֶען,
אוּנְד אֵיירֶע פֶעטֶע קָרְבָּן שְׁלָמִים וֶועל
אִיךְ נִיט אָנְקוּקֶען:
23 נֶעמְט אַוֶועק פוּן פַאר מִיר דָאס
גֶעטוּמֶעל פוּן דֵיינֶע לִידֶער, אוּנְד דָאס
שְׁפִּילֶען פוּן דֵיינֶע פִידֶעל ווִיל אִיךְ
נִיט הֶערֶען:
24 אָבֶּער לָאז דָאס מִשְׁפָּט עַנְטְפְּלֶעקְט
וֶוערֶען אַזוֹי וִויא דִיא וַואסֶערְן, אוּנְד
דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אַזוֹי וִויא אַ
שְׁטַארְקֶער טֵייךְ:
25 הָאט אִיהְר דֶען צוּ מִיר מַקְרִיב
גֶעוֶועזֶען זְבָחִים אוּנְד מְנָחוֹת אִין דֶער
מִדְבָּר, פִירְצִיג יָאהְר? אוֹי אִיהְר
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל:
26 אָבֶּער אִיהְר הָאט גֶעטְרָאגֶען דָאס
גֶעצֶעלְט פוּן אֵייעֶר אָפְּגָאט מוֹלֶךְ,

אוּנְד

אוּנְד אֵיירֶע בִּילְדֶער פוּן כִּיוּן, אוּנְד
דֶעם שְׁטֶערְן פוּן אֵיירֶע אָפְּגֶעטֶער
וָואס אִיהְר הָאט אֵייךְ אַלֵיין גֶעמַאכְט׃
27 דַארִיבֶּער וֶועל אִיךְ אֵייךְ פֶערְ־
טְרַייבֶּען וֵוייטֶער פוּן דַמֶשֶׂק, זָאגְט
יְהוָה, דֶער גָאט צְבָאוֹת אִיז זַיין
נָאמֶען׃

## קאפיטעל ו

1 אוֹי ווייא צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען
קֵיינֶע זָארְג אִין צִיוֹן, אוּנְד דִיא וָואס
פֶערְזִיכֶערְן זִיךְ אוֹיף דֶעם בַּארְג פוּן
שֹׁמְרוֹן, דִיא וָואס זֶענֶען גֶעוֶוועזֶען
אָנְגֶערוּפֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע פוּן דִיא
פֶעלְקֶער, אוּנְד צוּ זַייא אִיז דָאס
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל אָנְגֶעקוּמֶען׃
2 גֵייט אַרִיבֶּער נָאךְ כַלְנֶה, אוּנְד
זֶעהְט, אוּנְד גֵייט פוּן דָארְטֶען נָאךְ
גְרוֹיס חַמָת, אוּנְד דֶערְנָאךְ גֵייט אַרוּפּ
נָאךְ גַת פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, זֶענֶען זַייא
דֶען בֶּעסֶער ווִיא דִיא דָאזִיגֶע קֶענִיגְ־
רַייכֶע? אָדֶער זֶענֶען זַיירֶע גְרֶענְעצֶען
גְרֶעסֶער ווִיא אֵיירֶע גְרֶענֶעץ?
3 אִיהְר וָואס דֶערְוֵוייטֶערְט פוּן אֵייךְ
דֶעם בֵּייזֶען טָאג, אָבֶּער אִיהְר טְהוּט
גֶענֶעהֶענֶען צוּ זִיצֶען אִין רוֹיבֶּערֵייא׃
4 דִיא וָואס זִיצֶען אוֹיף בֶּעטֶען פוּן
עֶלְפֶּענְבֵּיין, אוּנְד שְׁטְרֶעקֶען זִיךְ אוֹיס
אוֹיף דִיוַואנֶען, אוּנְד עֶסֶען דִיא (בֶּעסְטֶע)
לֶעמֶער פוּן דִיא שָׁאף, אוּנְד דִיא
קֶעלְבֶּער פוּן מִיטֶען שְׁטַאל.
5 וָואס זִינְגֶען דֶעם נִיגוּן נָאךְ דֶער
פִּידֶעל, זַייא טְרַאכְטֶען זִיךְ אוֹיס דִיא
כְּלֵי־זֶמֶר אַזוֹי ווִיא דָוִד׃
6 וָואס טְרִינְקֶען וויין אוֹיס שָׁאלֶען,
אוּנְד זַאלְבֶּען זִיךְ מִיט דֶעם בֶּעסְטֶען
שְׁמוּק־אֵייל, אוּנְד זַייא גְרֶעמֶען זִיךְ
נִיט וֶועגֶען דֶעם בְּרָאךְ פוּן יוֹסֵף׃

7 דַארוּם, זָאלֶען זַייא אַצוּנְד אַוֶועקְ־
גֶעפִיהְרְט וֶוערֶען מִיט דִיא וָואס גֵייעֶן
צוּעֶרְשְׁט אִין גָלוּת אַרַיין, אוּנְד דִיא
סְעוּדוֹת פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען זִיךְ
גְרוֹיס גֶעמַאכְט וֶועט פוּן זַייא אָפְּגֶעטְהוּן
וֶוערֶען׃
8 דֶער הַאר גָאט הָאט בַּייא זִיךְ
אַלֵיין גֶעשְׁוָוארֶען, זָאגְט יְהוָה, דֶער
גָאט צְבָאוֹת, אִיךְ וֶועל פֶערְאוּמְוֶוערְדִי־
גֶען דִיא שְׁטָאלְצְהַייט פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד
זַיינֶע פַּאלַאסְטֶען הָאבּ אִיךְ פֵיינְד,
דַארִיבֶּער וֶועל אִיךְ אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערְן
דִיא שְׁטָאט אוּנְד אִיהְרֶע פוּלְהַייט׃
9 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין דָאס וֶוען צֶעהְן
מֶענֶער וֶועלֶען אִיבֶּערבְּלַייבֶּען אִין אֵיין
הוֹיז אַזוֹי וֶועלֶען זַייא שְׁטַארְבֶּען׃
10 אוּנְד וֶוען זַיין פֶעטֶער אָדֶער דֶער
וָואס פֶערבְּרֶענְט אִיהְם וֶועט אוֹיפְ־
הֵייבֶּען, כְּדֵי אַרוֹיסְצוּבְּרֶענְגֶען זַיינֶע
בֵּיינֶער פוּן דֶעם הוֹיז, אוּנְד וֶוען דִיא
וָואס זֶענֶען אַן דֶער זַייט פוּן דֶעם
הוֹיז וֶועלֶען זָאגֶען, אִיז נָאךְ אִימֶעצֶער
מִיט דִיר? אוּנְד עֶר וֶועט זָאגֶען גֵיין;
אוּנְד יֶענֶער וֶועט זָאגֶען, שְׁוַוייג שְׁטִיל,
וָוארִין מֶען טָאר נִיט דֶערְמַאנֶען דֶעם
נָאמֶען פוּן גָאט׃
11 וָוארִין, זֶעה, גָאט הָאט עֶס בֶּעְ־
פוֹילֶען, עֶר וֶועט דָאס גְרוֹיסֶע הוֹיז
צוּשְׁלָאגֶען צוּ שְׁטִיקְלֶעךְ, אוּנְד דָאס
קְלֵיינֶע הוֹיז אִין בְּרֶעקְלֶעךְ׃
12 לוֹיפֶען דֶען פֶערְד אוֹיף אַ
פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין? אָדֶער קֶען דֶען אֵיינֶער
דָארְט אַקֶערְן מִיט רִינְדֶער? וָוארִין
אִיהְר הָאט פֶערְקֶעהְרְט דָאס מִשְׁפָּט
צוּ גַאל, אוּנְד דִיא פֵּירוֹת פוּן צְדָקָה
צוּ וֶוערְמוּט׃
13 אִיהְר וָואס פְרֵייעֶט אֵייךְ אִין אַ

זאךְ

זאך וואס איז גאר ניט, אונד וואס
איהר זאגט, האבען מיר אונס ניט
שטארק געמאכט דאס מיר האבען
אונס אנגעשאפט הערנער?
14 אבער, זעהט, איך וועל קענען
אייך אויפשטעלען א פאלק, אוי הויז־
געזינד פון ישראל, זאגט יהוה דער
גאט צבאות, אונד זייא וועלען אייך
בעצווינגען פון דעם ארט אוואו מען
קומט אריין נאך חמת ביז צו דעם
טייך פון דער ווסטעניא:

קאפיטעל ז

1 זאלכעס האט מיר דער האר גאט
געוויזען, אונד זעה, ער האט בעשאפען
א היישרעק אין דעם אנהייב ווען
דיא שפעטע תבואה איז אויפגעגאנגען,
אונד זעה, עס איז געוועזען אין דער
צייט פון דיא שפעטע תבואה, נאכדעם
אז מען האט אפגעשניטען דעם קעניגס
תבואה:
2 אונד עס איז געוועזען, דאס ווען
ער (דער היישרעק) האט פערלענדט
אויפצופרעסען דאס גראז פון דעם
לאנד, אזוי האב איך געזאגט, אוי,
האר גאט! פערגעב דאך! דורך
וועמען קען דען יעקב בעשטיין?
ווארין ער איז דאך קליין:
3 אונד גאט האט זיך בעדענקט
(האט חרטה געהאט) איבער דעם
דאזיגען, אונד גאט האט געזאגט, עס
זאל ניט זיין:
4 אזאלכעס האט מיר דער האר
גאט געוויזען, אונד זעה, דער האר
גאט האט גערופען, זיך (מיט אייך) צו
קריגען מיט פייער, אונד עס האט
פערברענט דיא גרויסע טיפענים, אונד
עס האט אויך פערברענט דאס חלק
(פעלד):
5 אונד אזוי האב איך געזאגט, אוי
האר גאט! איך בעט דיך לאז דאך
אפ (זייא מוחל) דורך וועמען קען דען
יעקב בעשטיין? ווארין ער איז דאך
קליין:
6 אונד גאט האט זיך בעדענקט
איבער דעם דאזיגען, אונד דער האר
גאט האט געזאגט, אויך דאס זאל
ניט זיין:
7 אזאלכעס האט ער מיר געוויזען,
אונד זעה, דער האר איז געשטאנען
אויף א מויער בייא א בלומב־שניר,
אונד דיא שנור איז געוועזען אין זיינע
האנד:
8 אונד גאט האט צו מיר געזאגט,
עמוס וואס זעהסט דוא? אונד איך
האב געזאגט, א בלאמב־שנור; אזוי
האט דער האר צו מיר געזאגט, זעה,
איך וועל טהון דיא בלאמב־שנור
צווישען מיין פאלק ישראל, איך וועל
ניט מעהר בייא זייא איבערפאהרען:
9 אונד דיא במות פון יצחק וועלען
פערוויסט ווערען, אונד דיא הייליגע
הייזער פון ישראל וועלען חרוב ווערען,
אונד איך וועל אויפשטיין איבער דעם
הויז פון ירבעם מיט דעם שווערד:
10 דערנאך האט אמציה, דער כהן
פון בית־אל געשיקט צו ירבעם מלך
פון ישראל, אזוי צו זאגען, עמוס האט
זיך פערשווארען קעגען דיר צווישען
דעם הויזגעזינד פון ישראל, דאס
לאנד קען ניט אויסהאלטען אלע
זיינע ווערטער:
11 ווארין אזוי האט עמוס געזאגט,
ירבעם וועט שטארבען דורך דעם
שווערד, אונד ישראל וועט אין גלות

פֶערטְרִיבֶּען װֶערֶען אוים זַיין לַאנְד׃
12 אוּנְד אֲמַצְיָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ
עָמוֹס, דוּא נָבִיא, גַייא, אוּנְד עֶנְטְלוֹיף
דִיר צוּ דֶעם לַאנְד פוּן יְהוּדָה, אוּנְד
עֶס דָארְטֶען בְּרוֹיט, אוּנְד דָארְטֶען
זָאלְסְט דוּא נְבִיאוּת זָאגֶען׃
13 אָבֶּער אִין בֵּית־אֵל זָאלְסְט דוּא
נִיט מֶעהְר נְבִיאוּת זָאגֶען, װָארִין דֶער
מֶלֶךְ הָאט זַיין מִקְדָּשׁ הִיעָר, אוּנְד אוֹיךְ
דָאס קֶענִיגְלִיכֶע הוֹיז׃
14 אָבֶּער עָמוֹס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אֲמַצְיָה, אִיךְ
בִּין קֵיין נָבִיא, אוּנְד אִיךְ בִּין אוֹיךְ נִיט
אַ זוּהְן פוּן אַ נָבִיא, גֵייעֶרְט אִיךְ בִּין
גֶעװֶעזֶען אַ הִיטֶער פוּן רִינְדֶער אוּנְד
אֵיין אֵיינְזַאמְלֶער פוּן פֵּירוֹת׃
15 אָבֶּער גָאט הָאט מִיךְ אַװֶעקְגֶע-
נוּמֶען פוּן הִינְטֶער דִיא שָׁאף, אוּנְד
גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, גַייא, אוּנְד
זָאג נְבִיאוּת צוּ מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל׃
16 אוּנְד אַצוּנְד, הֶער דָאס װָארְט פוּן
גָאט, דוּא זָאגְסְט מִיר, דוּא זָאלְסְט
נִיט נְבִיאוּת זָאגֶען אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד לָאז נִיט דֵיין װָארְט פַאלֶען
אִיבֶּער דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִצְחָק׃
17 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט גָאט, דֵיין װַייבּ
װֶעט זִיךְ מְזַנֶּה זַיין אִין דִיא שְׁטָאט,
אוּנְד דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד דֵיינֶע טֶעכְטֶער
װֶעלֶען פַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁװֶערְד,
אוּנְד דֵיין לַאנְד װֶעט אוֹיסְגֶעטֵיילְט
װֶערֶען דוּרְךְ (אַ גוֹרָל) שְׁנוּר, אוּנְד
דוּא װֶעסְט שְׁטַארְבֶּען אוֹיף אַ טְמֵא
לַאנְד, אוּנְד יִשְׂרָאֵל װֶעט אִין גָלוּת
אַװֶעקְגֶעטְרִיבֶּען װֶערֶען—פוּן זַיין אֵייגֶען
לַאנְד׃

## קאפיטעל ח

1 אַזַאלְכֶעס הָאט מִיר דֶער הַאר גָאט
גֶעװִיזֶען, אוּנְד זֶעה, אַ קָארְבּ מִיט
זוּמֶער פֵּירוֹת׃
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, עָמוֹס װָאס
זֶעהְסְט דוּא? אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט,
אַ קָארְבּ מִיט זוּמֶער פֵּירוֹת, אוּנְד גָאט
הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דָאס עֶנְד אִיז
גֶעקוּמֶען אִיבֶּער מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל,
אִיךְ װֶעל נִיט מֶעהְר בֵּייא זֵייא
אִיבֶּערְפָאהְרֶען׃
3 אוּנְד דִיא װָאס זִינְגֶען לִידֶער אִין
דֶעם הֵיכָל װֶעלֶען אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג הֵיילֶען (קְלָאגֶען), זָאגְט דֶער
הַאר גָאט, עֶס װֶעלֶען זַיין פִיל פְּגָרִים
אִין אַלֶע עֶרְטֶער; מֶען װֶעט זֵייא אִין
דֶער שְׁטִיל אַרוֹיסְװַארְפֶען׃
4 הֶערְט דָאס דָאזִיגֶע, אוֹי אִיהְר
װָאס פֶערשְׁלִינְגְט דֶעם אָרֶעמֶען, אוּנְד
אִיהְר זֶעהְט צוּ פֶערְשְׁטֶערֶען דִיא
בֶּעדַארְפְטִיגֶע פוּן דֶעם לַאנְד׃
5 אוּנְד אִיהְר זָאגְט, װֶען װֶעט דֶער
רֹאשׁ חוֹדֶשׁ פַארְאִיבֶּער גֵיין, כְּדֵי מִיר
זָאלֶען קֶענֶען קָארְן פֶערְקוֹיפֶען? אוּנְד
דֶער שַׁבָּת (אוֹיסְגֵיין) אַז מִיר זָאלֶען
קֶענֶען אוֹיפְמַאכֶען דִיא קָארְן הֵייזֶער,
אוּנְד צוּ פֶערְקְלֶענֶערְן דִיא אֵיפָה אוּנְד
צוּ פֶערגְרֶעסֶערְן דֶעם שֶׁקֶל, אוּנְד דִיא
װָאגְשָׁאלֶען צוּ פֶערְפֶעלְשֶׁען׃
6 כְּדֵי מִיר זָאלֶען קוֹיפֶען דִיא אָרֶעמֶע
פַאר זִילְבֶּער, אוּנְד דִיא בֶּעדַארְפְטִיגֶע
פַאר אַ פָּאר שִׁיךְ, אוּנְד פֶערְקוֹיפֶען
דָאס אָפְּגֶעפַאלֶענֶע פוּן דֶעם קָארְן׃
7 דַארוּם הָאט גָאט גֶעשְׁװָאוִירֶען בֵּייא
דֶער גְרוֹיסְקַייט פוּן יַעֲקֹב, אוֹיבּ אִיךְ
װֶעל אוֹיף אֵייבִּיג פֶערְגֶעסֶען אַלֶע
זֵיירֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים׃
8 זָאל נִיט דִיא עֶרְד אִיבֶּער דֶעם
צִיטֶערְן, אוּנְד אִיטְלִיכֶער װָאס װָאוינְט

דארויף דאריבער טרויערן? און עס וועט איר גאנצען אויפשטייגען אזוי ווי א פערפליצונג וואס די איגרען טרייבט, און אזוי ווי דער טייך פון מצרים:

9 און עס וועט זיין אין דעמועלביגען טאג, זאגט דער האר גאט, דאס איך וועל לאזען די זון אונטערגיין אין מיטען טאג, און איך וועל די ערד פינסטער מאכען אין דעם ליכטיגען טאג:

10 און איך וועל פערקעהרען אייערע ימים טובים אין טרויער, און אלע אייערע לידער צו קלאג, און איך וועל ארויפברענגען א זאק איבער אלע לענדען, און קאהלהייט איבער איטליכען קאפ, און איך וועל עס מאכען אזוי ווי אייגער וואס טרויערט איבער א בן־יחיד, און דאס ענד דערפון אזוי ווי א ביטערער טאג:

11 זעה, עס קומען טעג, זאגט דער האר גאט, דאס איך וועל אויסשיקען א הונגער'ס נויט אין דעם לאנד, ניט א הונגער פאר ברויט, און ניט א דארשט פאר וואסער, נייערט צו הערען די ווערטער פון גאט:

12 און זייא וועלען וואנדערן פון ים צו ים, און פון צפון ביז מזרח וועלען זייא זיך פערשפרייטען צו זוכען דאס ווארט פון גאט, און זייא וועלען עס ניט געפינען:

13 אין דעמזעלביגען טאג וועלען די שיינע בתולות און די בחורים פערשמאכטען פאר דורשט:

14 די וואס שווערען ביי די זינד פון שמרון און וואס זאגען, דיין גאט אוי דן לעבט! און דער וועג פון באר־שבע לעבט, גראדע די וועלען פאלען און זייא וועלען ניט מעהר אויפשטיין:

## קאפיטעל ט

1 איך האב געזעהען דעם האר שטיין ביי דעם מזבח, און ער האט געזאגט, שלאג דעם קנאפ פון די אויבערשטע זייל אז די שוועלען זאלען ציטערן, און צושטיקעל דעם קאפ פון זייא אלע, און זייערע לעצטע (איבערגעבליבענע) וועל איך דערשלאגען דורך דעם שווערד, און דער וואס ענטלויפט פון זייא זאל ניט קענען ענטלויפען, און קיין ענטרונענער וועט זיך ניט קענען מציל זיין:

2 חאטשע זייא וועלען זיך אויסגראבען אין דעם שאול, אזוי וועט זייא דאך פון דארט מיינע האנד צונעמען, און חאטשע זייא וועלען ארויפגיין אין הימעל, אזוי וועל איך זייא פון דארט ארונטערברענגען:

3 און ווען זייא וועלען זיך בעהאלטען אויף דער שפיץ פון דעם בארג כרמל, אזוי וועל איך זייא פון דארט אויסזוכען און אוועקנעמען, און חאטשע זייא וועלען זיך בעהאלטען פון פאר מיינע אויגען אונטער דעם ים, אזוי וועל איך אויך פון דארטען בעפעהלען די שלאנג אז זייא זאלען זייא בייסען:

4 און ווען זייא וועלען גיין אין דער געפאנגענשאפט פאר זייערע פיינד, אזוי וועל איך אויך פון דארט בעפעהלען דאס שווערד און וועל זייא דערשלאגען; און איך וועל מיינע אויגען אויף זייא טהון צום שלעכטען און ניט צום גוטען:

5 עֶס אִיז יְהֹוָה, דֶער הַאר צְבָאוֹת
וָואס רִיהְרְט אָן דִיא עֶרְד אוּנְד זִיא
צוּשְׁמֶעלְצְט, אוּנְד אַלֶע וָואס וְואוֹינֶען
דַארוֹיף וֶועלֶען טְרוֹיעֶרְן, אוּנְד עֶס
וֶועט אִים גַאנְצֶען אוֹיפְשְׁטֵייגֶען וִויא אַ
שְׁטוּרְם, אוּנְד עֶס וֶועט גֶעשְׁטִילְט
וֶוערֶען אַזוֹי וִויא דֶער טֵייך פוּן
מִצְרַיִם:
6 (עֶס אִיז) דֶער וָואס בּוֹיעֶט אִין
דֶעם הִימֶעל זֵיינֶע אוֹיבֶּערְשְׁטִיבְּלֶעךְ,
אוּנְד עֶר הָאט צוּזַאמֶענְגֶעבּוּנְדֶען דִיא
גְרוּנְדְפֶעסְטֶען פוּן דֶער עֶרְד, דֶער
וָואס רוּפְט צוּ דִיא וַואסֶער פוּן דֶעם
יַם אוּנְד גִיסְט זֵייא אוֹיס אוֹיף דֶער
עֶרְד, יְהֹוָה אִיז זֵיין נָאמֶען:
7 זֶענְט אִיהְר דֶען נִיט צוּ מִיר גְלֵייךְ
אַזוֹי וִויא דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא כּוּשִׁיִים,
אוֹי אִיהְר קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל? זָאגְט
גָאט; הָאבּ אִיךְ דֶען נִיט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט
דִיא יִשְׂרָאֵל אוֹיס דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם?
אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים פוּן כַּפְתּוֹר, אוּנְד
אֲרָם אוֹיס קִיר?
8 זֶעה, דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר
גָאט זֶענֶען אוֹיף דֶעם זִינְדִיגֶען קֶענִיגְ־
רֵייךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס פֶערְטִילְגֶען
פוּן דֶער עֶרְד, גֵייעֶרְט אִיךְ וֶועל נִיט
אִים גַאנְצֶען פֶערְטִילְגֶען דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד
פוּן יַעֲקוֹב, זָאגְט גָאט:
9 וָוארִין, זֶעה, אִיךְ וֶועל בֶּעפֶעהְלֶען
אוּנְד אִיךְ וֶועל לָאזֶען פֶערְוָואגֶעלְן
אוּנְד שָׁאקֶעלְן דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל צְוִוישֶׁען אַלֶע פֶעלְקֶער, אַזוֹי
וִויא קָארְן וֶוערְט גֶעשָׁאקֶעלְט אִין אַ
זִיפּ, דָאךְ זָאל נִיט דָאס קְלֵיינְסְטֶע
קֶערְנְדֶעל אַרוּפְפַאלֶען צוּ דֶער עֶרְד:
10 אַלֶע זִינְדִיגֶע פוּן מֵיין פָאלְק
וֶועלֶען שְׁטַארְבֶּען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד,
יוֹא, דִיא וָואס זָאגֶען, דָאס בֵּייזֶע וֶועט
נִיט צוּ אוּנְס נָאהֶענְט קוּמֶען:
11 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועל אִיךְ
אוֹיפְשְׁטֶעלֶען דִיא סוּכָּה פוּן דָוִד וָואס
אִיז אֵיינְגֶעפַאלֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
פֶערְצוֹימֶען דָאס אֵיינְגֶעבְּרָאכֶענֶע, אוּנְד
אִיךְ וֶועל וִוידֶער אוֹיפְשְׁטֶעלֶען דִיא
חוּרְבוֹת, אוּנְד וֶועל זֵייא אוֹיפְבּוֹיעֶן
אַזוֹי וִויא אִין דִיא פֶערְצֵייטִיגֶע טֶעג:
12 כְּדֵי זֵייא זָאלֶען יַרְשְׁנֶ'ן דָאס
אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג פוּן אֱדוֹם, אוּנְד אוֹיךְ
אַלֶע פֶעלְקֶער אִיבֶּער וֶועלְכֶע מֵיין
נָאמֶען וֶוערְט אָנְגֶערוּפֶען, זָאגְט גָאט,
וָואס טְהוּט דָאס דָאזִיגֶע:
13 זֶעה, עֶס קוּמֶען טֶעג, זָאגְט גָאט,
דָאס דֶער אַקֶערְסְמַאן וֶועט גֶענֶעהֶען
צוּ דֶעם תְּבוּאָה שְׁנֵיידֶער, אוּנְד דֶער
וָואס טְרֶעט אוֹיס דִיא וֵויינְטְרוֹיבֶּען
צוּ דֶעם וָואס זֵייעֶט זָאמֶען, אוּנְד דִיא
בֶּערְג וֶועלֶען אַרוּפְטְרִיפֶען זִיסֶען וֵויין,
אוּנְד אַלֶע בֶּערְגְלֶעךְ וֶועלֶען צוּ־
שְׁמֶעלְצֶען:
14 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען דִיא
גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אוֹיפְבּוֹיעֶן דִיא פֶערְ־
ווִיסְטֶע שְׁטֶעט, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵייא
בֶּעוְואוֹינֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען פְּלַאנְצֶען
וֵויינְגֶערְטֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען טְרִינְקֶען
זֵייעֶר וֵויין, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען מַאכֶען
גֶערְטֶען אוּנְד וֶועלֶען עֶסֶען זֵייעֶרֶע
פֵּירוֹת:
15 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא פְּלַאנְצֶען
אוֹיף זֵייעֶר (אֵייגֶען) לַאנְד, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען נִיט מֶעהְר אוֹיסְגֶערִיסֶען וֶוערֶען
פוּן זֵייעֶר אֵייגֶען לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ
צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען, זָאגְט יְהֹוָה דֵיין
גָאט:

# עֹבַדְיָה.

1 דִיא נְבוּאָה פוּן עֹבַדְיָה, אַזוֹי זָאגְט
דֶער הַאר גָאט וֶועגֶען אֱדוֹם; מִיר
הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַ הֶערוּנְג פוּן גָאט,
אוּנְד אַ שָׁלִיחַ אִיז אוֹיסְגֶעשִׁיקְט גֶע־
וָוארֶען צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם, שְׁטֵייט
אוֹיף! אוּנְד לָאמֶער אוֹיפְשְׁטֵיין קֶעגֶען
אִיהְר צוּ דֶער מִלְחָמָה:
2 זֶעה, אִיךְ הָאבּ דִיךְ קְלֵיין גֶעמַאכְט
צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם, דוּא וֶועסְט זֶעהְר
פֶערַאכְטֶעט זַיין:
3 דִיא שְׁטָאלְצְהֵייט פוּן דַיין הַארְץ
הָאט דִיךְ גֶענַארְט, דוּא וָואס וְואוֹינְסְט
אִין דִיא שְׁפַּאלְטֶען פוּן פֶעלְזֶען, וֶועמֶעס
וְואוֹינוּנְג אִיז אִין דֶער הֵייךְ, דֶער וָואס
הָאט גֶעזָאגְט אִין זַיין הַארְץ, וֶוער
וֶועט מִיךְ אַרוּפְנִידֶערְן צוּ דֶער עֶרְד?
4 חָאטְשֶׁע דוּא וֶועסְט דִיךְ דֶערְהֵייבֶּען
אַזוֹי וִויא אַיין אָדְלֶער, אוּנְד דוּא
וֶועסְט מַאכֶען דַיין נֶעסְט צְוִוישֶׁען דִיא
שְׁטֶערֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיךְ פוּן
דָארְטֶען אַרוּנְטֶערבְּרֶענְגֶען, זָאגְט גָאט:
5 וֶוען גַנָבִים קוּמֶען צוּ דִיר, אוּנְד
וֶוען רוֹיבֶּערְם בֵּייא נַאכְט, וִויא וֶועסְט
דוּא פֶערְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען? וָואלְטֶען
זַייא נִיט גֶע'גַנְבֶת בִּיז זַייא הָאבֶּען
גֶענוּג? אוּנְד וֶוען דִיא וָואס קְלוֹיבֶּען
וֵויינְטְרוֹיבֶּען קוּמֶען צוּ דִיר, וָואלְטֶען
זַייא דִיר נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט נָאר
שְׁלֶעכְטֶע וֵויינְטְרוֹיבֶּען?
6 דָאךְ, וִויא זֶענֶען דִיא זַאכֶען פוּן
עֵשָׂו אוֹיסְגֶעזוּכְט! אוּנְד זַיינֶע פֶערְבָּארְ־
גֶענֶע עֶרְטֶער אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט גֶעוָוארֶען?
7 אַלֶע לֵייט פוּן דַיין בּוּנְד הָאבֶּען
דִיךְ בֶּעגְלֵייט בִּיז צוּ דִיא גְרֶענֶעץ,
דִיא מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען מִיט דִיר
שָׁלוֹם גֶעהַאט הָאבֶּען דִיךְ גֶענַארְט,
אוּנְד זֶענֶען דִיךְ בֵּייגֶעקוּמֶען, דִיא
וָואס עֶסֶען פוּן דַיין בְּרוֹיט הָאבֶּען אַ
גֶעץ אוּנְטֶער דִיר אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט, עֶר
הָאט קֵיין פֶערְשְׁטַאנְד:
8 זָאל אִיךְ נִיט אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג, זָאגְט גָאט, מַאכֶען פֶערְלִירֶען
(פֶערְטִילְגֶען) דִיא חֲכָמִים פוּן אֱדוֹם,
אוּנְד דִיא פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע פוּן דֶעם
בַּארְג עֵשָׂו?
9 אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְשְׁנֵיידֶען דֵיינֶע
גִבּוֹרִים אוֹי תֵּימָן, כְּדֵי אִיטְלִיכֶער מַאן
פוּן דֶעם בַּארְג עֵשָׂו זָאל פֶערְשְׁנִיטֶען
וֶוערֶען דוּרְךְ דֶער הַרִיגָה:
10 פוּן וֶועגֶען דֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶע בֶּע־
הַאנְדלוּנְג פוּן דַיין בְּרוּדֶער יַעֲקוֹב זָאל
דִיךְ שַׁאנְד בֶּעדֶעקֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
אוֹיף אֵייבִּיג פֶערְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען:
11 אִין דֶעם טָאג וֶוען דוּא בִּיזְט
גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זַייט,
אִין דֶעם טָאג וֶוען פְרֶעמְדֶע הָאבֶּען
זַיין פֶערְמֶעגֶען גֶעפַאנְגֶען גֶענוּמֶען,
אוּנְד פְרֶעמְדֶע זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
אִין זֵיינֶע טוֹיעֶרְן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גוֹרָל גֶעוָוארְפֶען אִיבֶּער יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי
בִּיזְט דוּא אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא
אֵיינֶער פוּן זַייא:
12 אָבֶּער דוּא הָאסְט נִיט גֶעזָאלְט
אָנְזֶעהֶען דֶעם טָאג פוּן דַיין בְּרוּדֶער'ס
(אוּמְגְלִיק) אִין דֶעם טָאג וֶוען עֶר אִיז
גֶעוָוארֶען אַ פְרֶעמְדֶער; אוּנְד דוּא

הָאסְט דִיךְ אויף נִיט גֶעזָאלְט פְרֵייעֶן
אִיבֶּער דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה אִין
דֶעם טָאג וָוען זַייא זֶענֶען פֶערְלוֹירֶען
גֶעוָוארֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט אויךְ נִיט
גֶעזָאלְט דַיין מוֹיל גְרוֹיס מַאכֶען אִין
דֶעם טָאג פוּן דֶער צָרָה :
13 דוּא הָאסְט אויךְ נִיט גֶעזָאלְט
אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֶעם טוֹיעֶר פוּן מֵיין
פָאלְק אִין דֶעם טָאג פוּן זֵייעֶר אוּמ־
גְלִיק, אוּנְד דוּא הָאסְט אויךְ נִיט
גֶעזָאלְט אָנְזֶעהֶען זֵייעֶר שְׁלֶעכְטֶעס אִין
דֶעם טָאג פוּן זֵייעֶר אוּמגְלִיק, אוּנְד
דוּא הָאסְט נִיט גֶעזָאלְט אויסשְׁטְרֶעקֶען
דֵיינֶע הַאנְד אַן זֵיין פֶערְמֶעגֶען אִין
דֶעם טָאג פוּן זֵיין אוּמגְלִיק :
14 אוּנְד דוּא הָאסְט אויךְ נִיט גֶע־
דַארְפְט שְׁטֵיין אִין דֶעם אָפְּשֵׁיידוּנְגְס־
וֶועג, זֵיינֶע עֶנְטְרִינֶענֶע צוּ פֶערְשְׁנֵיידֶען,
אוּנְד דוּא הָאסְט אויךְ נִיט גֶעזָאלְט
אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערְן זֵיינֶע אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע
אִין דֶעם טָאג פוּן דֶער צָרָה :
15 וָוארִין דֶער טָאג פוּן גָאט אִיז
נָאהֶענְט אִיבֶּער אַלֶע גוֹיִם, אַזוֹי וִויא
דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן גְרָאד אַזוֹי זָאל צוּ
דִיר גֶעטְהוּן וֶוערֶען, דֵיינֶע בֶּעצָאלוּנְג
וֶועט אויף דֵיין אֵייגֶענֶעם קָאפּ צוּרִיק־
קוּמֶען :
16 וָוארִין, אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט גֶע־
טְרוּנְקֶען אויף מֵיין הֵיילִיגֶען בַּארְג,
אַזוֹי וֶועלֶען אַלֶע גוֹיִם בֶּעשְׁטֶענְדִיג
טְרִינְקֶען, יוֹא, זַייא וֶועלֶען טְרִינְקֶען
אוּנְד אַרוּפְשְׁלִינְגֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען
זֵיין גְרָאד אַזוֹי וִויא זַייא וָואלְטֶען נִיט
גֶעוֶועזֶען :
17 אָבֶּער אויף דֶעם בַּארְג צִיוֹן וֶועט
זֵיין אֵיינֶע עֶנְטְרִינוּנְג, אוּנְד עֶס וֶועט
זֵיין הֵיילִיג, אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יַעֲקֹב זָאל יַרְשְׁנֶ'ן זֵייעֶרֶע יְרוּשָׁה :
18 אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יַעֲקֹב
וֶועט זֵיין אַ פֵייעֶר, אוּנְד דָאס הוֹיז
פוּן יוֹסֵף אַ פְלַאם, אוּנְד דָאס הוֹיז פוּן
עֵשָׂו שְׁטְרוֹי־פְלֶעוֶוע, אוּנְד עֶס וֶועט
אִין זַייא אָנְצִינְדֶען, אוּנְד זַייא פֶערְ־
בְּרֶענֶען, אַזוֹי אַז עֶס וֶועט צוּ דֶעם
הוֹיז פוּן עֵשָׂו נִיט בְּלֵייבֶּען אֵיינֶע
אִיבֶּערבְּלֵייבוּנְג, וָוארִין גָאט הָאט עֶס
גֶערֶעט :
19 אוּנְד דִיא פוּן דָרוֹם־זֵייט וֶועלֶען
יַרְשְׁנֶ'ן דֶעם בַּארְג עֵשָׂו, אוּנְד דִיא פוּן
דֶעם טְהָאל דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד זַייא
וֶועלֶען אויךְ יַרְשְׁנֶ'ן דָאס פֶעלְד פוּן
אֶפְרַיִם אוּנְד דָאס פֶעלְד פוּן שֹׁמְרוֹן,
אוּנְד בִּנְיָמִן (וֶועט יַרְשְׁנֶ'ן) גִלְעָד :
20 אוּנְד דִיא פֶערטְרִיבֶּענֶע פוּן דֶעם
דָאזִיגֶען חַיִל פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
וֶועלֶען יַרְשְׁנֶ'ן דִיא כְּנַעֲנִים בִּיז נָאךְ
צָרְפַת, אוּנְד דִיא פֶערטְרִיבֶּענֶע פוּן
יְרוּשָׁלַיִם וָואס אִיז אִין סְפָרַד וֶועלֶען
יַרְשְׁנֶ'ן דִיא שְׁטֶעט פוּן דָרוֹם־זֵייט :
21 אוּנְד הֶעלְפֶערְס וֶועלֶען אַרוּפְ־
קוּמֶען אויף דֶעם בַּארְג צִיוֹן צוּ מִשְׁפְּטְ'ן
דֶעם בַּארְג עֵשָׂו, אוּנְד דִיא מְלוּכָה
וֶועט גֶעהֶערֶען צוּ גָאט :

# יונה.

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יוֹנָה בֶּן אֲמִתַּי, אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

2 שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד גֵייא אַהִין צוּ דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאט נִינְוֵה, אוּנְד רוּף אוֹיס אִיבֶּער אִיהְר, וָוארִין זֵייעֶרֶע בֵּייז־הַייט אִיז פַאר מִיר אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען:

3 אוּנְד יוֹנָה אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, צוּ עֶנְטְלוֹיפֶען פוּן פַאר גָאט נָאךְ תַּרְשִׁישׁ, אוּנְד עֶר אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען נָאךְ יָפוֹ אוּנְד דָארְט הָאט עֶר גֶעפוּנֶען אַ שִׁיף וָואס גֵייט נָאךְ תַּרְשִׁישׁ, אוּנְד עֶר הָאט בֶּעצָאלְט פַאר אִיהְר, אוּנְד עֶר אִיז אִין אִיהְר אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען כְּדֵי מִיט אִיהְר צוּ קוּמֶען נָאךְ תַּרְשִׁישׁ, (צוּ עֶנְטְלוֹיפֶען) פוּן פַאר גָאט:

4 אָבֶּער גָאט הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט אַ גְרוֹיסֶען ווִינְד אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶער שְׁטוּרְם־וִוינְד אוֹיף דֶעם יַם, אוּנְד מֶען הָאט גֶעמֵיינְט אַז דָאס שִׁיף וֶועט צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען:

5 אוּנְד דִיא שִׁיפְס־לֵייט הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיטְלִיכֶער גֶעשְׁרִיגֶען צוּ זֵיין גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען אִין דֶעם יַם דִיא כֵּלִים וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם שִׁיף, כְּדֵי עֶס לֵייכְטֶער צוּ מַאכֶען; אָבֶּער יוֹנָה אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא זֵייט פוּן דֶעם שִׁיף, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט, אוּנְד עֶר הָאט פֶעסְט גֶעשְׁלָאפֶען:

6 אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶעם שִׁיף צוּ אִיהְם גֶענֶעהֶענְט, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַאר וָואס שְׁלוּפְסְט דוּא? שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד רוּף צוּ דֵיין גָאט! טָאמֶער וֶועט זִיךְ גָאט אִיבֶּער אוּנְס בֶּעדֶענְקֶען, אוּנְד מִיר וֶועלֶען נִיט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען:

7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן, קוּמְט לָאזְט אוּנְס גוֹרָל וַוארְפֶען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען ווִיסֶען וֶועגֶען וֶועמֶען דָאס דָאזִיגֶע בֵּייז אִיז אִיבֶּער אוּנְס גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גוֹרָל גֶעוָוארְפֶען, אוּנְד דָאס גוֹרָל אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף יוֹנָה:

8 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר בֶּעטֶען דִיךְ, זָאג אוּנְס דָאךְ וֶועגֶען וֶועמֶען דָאס דָאזִיגֶע בֵּייז אִיז אִיבֶּער אוּנְס גֶעקוּמֶען? וָואס אִיז דֵיינֶע מְלָאכָה? אוּנְד פוּן וַואנֶען קוּמְסְט דוּא? וָואס אִיז דֵיין לַאנְד? אוּנְד פוּן וָואס פַאר אֵיין פָאלְק בִּיזְט דוּא?

9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין אֵיין עִבְרִי, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מוֹרָא פַאר יְהוָֹה דֶעם גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל, וָואס הָאט גֶעמַאכְט דָאס יַם אוּנְד דִיא טְרִיקֶענִים:

10 אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא מֶענֶער גֶעפָארְכְטֶען מִיט אַ גְרוֹיסֶע פָארְכְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס הָאסְט דוּא גֶעטְהוּן? וָוארִין דִיא מֶענֶער הָאבֶּען גֶעוְואוּסְט אַז עֶר אִיז עֶנְטְלָאפֶען פוּן פַאר גָאט, וֵוייל עֶר הָאט עֶס צוּ זֵייא גֶעזָאגְט:

11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס זָאלֶען מִיר צוּ דִיר טְהוּן

כְּדֵי דָאס יַם זָאל גֶעשְׁטִילְט וֶוערֶען פַאר אוּנְס? וָוארִין דָאס יַם הָאט אִימֶער מֶעהְר גֶעשְׁטָארֶעמְט:

12 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הֵייבְּט מִיךְ אוֹיף אוּנְד וַוארְפְט מִיךְ אַרֵיין אִין דֶעם יַם, אַזוֹי וֶועט דָאס יַם פַאר אֵייךְ גֶעשְׁטִילְט וֶוערֶען, וָוארִין אִיךְ ווייס דָאס דֶער דָאזִיגֶער גְרוֹיסֶער שְׁטוּרְם אִיז אִיבֶּער אֵייךְ וֶועגֶען מִיר גֶעקוּמֶען:

13 אָבֶּער דִיא מֶענֶער הָאבֶּען שְׁוֶועהְר גֶעאַרְבֵּייט, כְּדֵי דִיא שִׁיף צוּ דֶער יַבָּשָׁה צוּ בְּרֶענְגֶען, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעקֶענְט, וָוארִין דָאס יַם הָאט אִימֶער מֶעהְר גֶעשְׁטָארֶעמְט אִיבֶּער זֵייא:

14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוּפֶען צוּ גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אוֹי גָאט מִיר בֶּעטֶען דִיךְ, לָאז אוּנְס דָאךְ נִיט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען וֶועגֶען דֶעם נֶפֶשׁ פוּן דֶעם דָאזִיגֶען מַאן, אוּנְד לֵייג נִיט אוֹיף אוּנְס אוּמְשׁוּלְדִיגֶעס בְּלוּט, וָוארִין דוּא אוֹי יְהוָֹה, הָאסְט גֶעטְהוּן וָואס דִיר גֶעפֶעלְט:

15 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא דֶעם יוֹנָה אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין דֶעם יַם, אוּנְד דָאס יַם הָאט גֶעשְׁטִילְט פוּן זֵיין שְׁטָארְם:

16 אוּנְד דִיא מֶענֶער הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען פַאר גָאט מִיט אַ גְרוֹיס פָארְכְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען אַ קָרְבָּן צוּ גָאט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן:

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד גָאט הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט אַ גְרוֹיסֶען פִישׁ דֶעם יוֹנָה אֵיינְצוּשְׁלִינְגֶען; אוּנְד יוֹנָה אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא גֶעדֶערֶם פוּן דֶעם פִישׁ דְרֵייא טֶעג אוּנְד דְרֵייא נֶעכְט:

2 אוּנְד יוֹנָה הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ יְהוָֹה זֵיין גָאט פוּן דִיא גֶעדֶערְם פוּן דֶעם פִישׁ:

3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶערוּפֶען פוּן וֶועגֶען מֵיינֶע צָרָה צוּ גָאט, אוּנְד עֶר הָאט מִיר גֶעעֶנְטְפֶערְט, פוּן דֶעם בּוֹיךְ פוּן דֶעם שְׁאוֹל הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁרִיגֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט מֵיין קוֹל:

4 וָוארִין דוּא הָאסְט מִיךְ אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין דִיא טִיפֶענִיס, אִין דֶעם הַארְץ פוּן דִיא יַמִים, אוּנְד דֶער שְׁטְרוֹם הָאט מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, אַלֶע דֵיינֶע אִינְדֶען וָואס בְּרֶעכֶען דָאס יַם זֶענֶען אִיבֶּער מִיר אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען,

5 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיר גֶעטְרַאכְט, אִיךְ בִּין פֶערְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען פוּן פַאר דֵיינֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער אִיךְ וֶועל דָאךְ נָאכְאַמָאל קוּקֶען צוּ דֵיין הֵיילִיגֶען הֵיכָל:

6 דִיא וַואסֶערְן הָאבֶּען מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט בִּיז צוּ מֵיין נֶפֶשׁ, דִיא טִיפֶענִים הָאט מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, אוּנְד דָאס גְרָאז פוּן יַם סוּף הָאט זִיךְ אָנְגֶעבּוּנְדֶען אַרוּם מֵיין קָאפּ:

7 אִיךְ בִּין אַרוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען בִּיז צוּ דִיא אוּנְטֶערשְׁטֶע בֶּערְג, דִיא עֶרְד הָאט אִיהְרֶע רִיגֶעלְן אִיבֶּער מִיר אוֹיף אֵייבִּיג פֶערִיגֶעלְט, אָבֶּער דוּא הָאסְט דָאךְ אַרוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט מֵיין לֶעבֶּען פוּן דֶעם פֶערְדֶערְבֶּענִיס, אוֹי יְהוָֹה מֵיין גָאט!

8 וֶוען מֵיינֶע זֶעלֶע הָאט אִין מִיר גֶעשְׁמַאכְטֶעט, הָאבּ אִיךְ גֶעדֶענְקְט אָן דִיר, אוֹי גָאט! אוּנְד מֵיין גֶעבֶּעט אִיז

צוּ דִיר אָנְגֶעקוּמֶען, בִּיז צוּ דֵיין הֵיילִי־
גֶען הֵיכָל׃
9 דִיא וָואס הִיטֶען פַאלְשֶׁע נַארִישְׁ־
קֵייטֶען, פֶערְלָאזֶען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע
חֲסָדִים׃
10 אָבֶּער אִיךְ וֶועל צוּ דִיר מַקְרִיב
זַיין מִיט דֶעם קוֹל פוּן דַאנְק, אִיךְ
וֶועל בֶּעצָאלֶען וָואס אִיךְ הָאבּ מְנַדֵר
גֶעוֶועזֶען, פוּן וֶועגֶען דֶער הִילְף פוּן
גָאט׃
11 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, (בֶּעפוֹילֶען)
צוּ דֶעם פִּישׁ, אוּנְד דֶער פִּישׁ הָאט
דֶעם יוֹנָה אוֹיסְגֶעשְׁפִּיגֶען אוֹיף דֶער
יַבָּשָׁה׃

## קאפּיטעל ג

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז
גֶעוֶועזֶען צוּ יוֹנָה דָאס אַנְדֶערֶע מָאל,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
2 שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד גֵייא אַהִין צוּ
דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאט נִינְוֵה, אוּנְד רוּף
אוֹיס אִיבֶּער אִיהְר דִיא אוֹיסְרוּפוּנְג
(פוּן נְבִיאוּת) וָואס אִיךְ וֶועל צוּ דִיר
רֶעדֶען׃
3 אַזוֹי אִיז יוֹנָה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
עֶר אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ נִינְוֵה נָאךְ
דֶעם וָוארְט פוּן גָאט; אוּנְד נִינְוֵה אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶע שְׁטָאט צוּ
גָאט, פוּן דְרֵייא טָאג רֵייזֶע׃
4 אוּנְד יוֹנָה הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרֵיינְ־
צוּקוּמֶען אִין דִיא שְׁטָאט, אֵיין טָאג
דוּרְכְגַאנְג, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נָאךְ אִין פִירְצִיג
טֶעג אַזוֹי וֶועט נִינְוֵה אוּמְגֶעקֶעהְרְט
וֶוערֶען׃
5 אוּנְד דִיא לֵייט פוּן נִינְוֵה הָאבֶּען
גֶעגְלוֹיבְּט אַן גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אוֹיסְגֶערוּפֶען אַ פַאסְט־טָאג, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעקְלֵיידֶעט מִיט זֶעק,
פוּן גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין׃
6 אוּנְד דִיא זַאךְ הָאט גֶעגְרֵייכְט בִּיז
צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן נִינְוֵה, אוּנְד עֶר
אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן זֵיין שְׁטוּל,
אוּנְד עֶר הָאט פוּן זִיךְ אָפְּגֶעטְהוּן זֵיין
מַאנְטֶעל, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ בֶּעדֶעקְט
מִיט אַ זַאק, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶע־
זֶעצְט אוֹיף אַשׁ
7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעלָאזְט אוֹיסְרוּפֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעלָאזְט זָאגֶען אִין
נִינְוֵה, נָאךְ דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן דֶעם
קֶענִיג אוּנְד זֵיינֶע גְרוֹיסֶע לֵייט אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, עֶס זָאל קֵיין מֶענְשׁ אוּנְד קֵיינֶע
בְּהֵמוֹת אוּנְד רִינְדֶער אוּנְד שָׁאף גָאר
נִיט פֶערְזוּכֶען, זֵייא זָאלֶען זִיךְ נִיט
ווֵיידֶען אוּנְד זֵייא זָאלֶען אוֹיךְ נִיט קֵיין
וַואסֶער טְרִינְקֶען׃
8 נֵייעֶרְט דִיא מֶענְשֶׁען אַזוֹי אוֹיךְ
דִיא בְּהֵמוֹת זָאלֶען בֶּעדֶעקְט זֵיין מִיט
זֶעק, אוּנְד אִיהְר זָאלְט שְׁטַארְק שְׁרֵייעֶן
צוּ גָאט, אוּנְד אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ זָאל
זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען פוּן זֵיינֶע בֵּייזֶע וֶועגֶען,
אוּנְד פוּן דִיא רוֹיבֶּערֵייא וָואס אִיז אִין
זֵייעֶרֶע הֶענְד׃
9 וֶוער ווֵייסְט דֶען אוֹיבּ גָאט וֶועט
זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען אוּנְד חֲרָטָה הָאבֶּען,
אוּנְד וֶועט זִיךְ אַוֶועקְקֶעהְרֶען פוּן זֵיין
גְרִימְצָארְן אַז מִיר זָאלֶען נִיט פֶערְ־
לוֹירֶען וֶוערֶען׃
10 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזֶעהֶען זֵייעֶרֶע
מַעֲשִׂים, אַז זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶע־
קֶעהְרְט פוּן זֵייעֶרֶע בֵּייזֶע וֶועגֶען, אוּנְד
גָאט הָאט זִיךְ בֶּעדֶענְקְט וֶועגֶען דֶעם
שְׁלֶעכְטֶען וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט
(גֶעטְרַאכְט) צוּ זֵייא צוּ טְהוּן, אוּנְד עֶר
הָאט עֶס נִיט גֶעטְהוּן׃

## קאפיטעל ד

1 אָבֶער דָאס הָאט יוֹנָה זֶעהְר אִיבֶּעל
גֶעפַאלֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעעֶרְ־
גֶערְט׃
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ גָאט,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ,
אוֹי הַאר, אִיז נִיט דָאס גֶעוֶועזֶען וָואס
אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ בִּין נָאךְ
גֶעוֶועזֶען אוֹיף מֵיין לַאנְד? דַארִיבֶּער
בִּין אִיךְ פְרִיהֶער עֶנְטְלָאפֶען נָאךְ
תַּרְשִׁישׁ, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעווּאוּסְט
אַז דוּא בִּיסְט אַ גְנֶעדִיגֶער אוּנְד אַ
בַּארְמְהֶערְצִיגֶער גָאט, אוּנְד וָואס
דֶערְלֶענְגֶערְסְט דֵיין צָארְן, אוּנְד פוּן
גְרוֹיס חֶסֶד, אוּנְד אַז דוּא הָאסְט
חַרָטָה אִיבֶּער דֶעם בֵּייזֶען׃
3 אָבֶער אַצוּנְד, אוֹי גָאט נֶעם דָאךְ
אַוֶועק פוּן מִיר מֵיין לֶעבֶּען, וָוארִין
דֶער טוֹיט אִיז מִיר לִיבֶּער דֶען דָאס
לֶעבֶּען׃
4 אַזוֹי הָאט גָאט גֶעזָאגְט, טְהוּסְט
דוּא דֶען גוּט אַז דוּא בִּיזְט צָארְנִיג׃
5 אוּנְד יוֹנָה אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס
דֶער שְׁטָאט, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט פוּן
דֶער שְׁטָאט, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ דָארְט
גֶעמַאכְט אַ סוּכָּה, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
אִין אִיהְר אַרֵיינְגֶעזֶעצְט הִינְטֶער אִיהְר
שָׁאטֶען, בִּיז עֶר וֶועט זֶעהֶען וָואס עֶס
וֶועט גֶעשֶׁעהֶען אִין דֶער שְׁטָאט׃
6 אוּנְד דֶער הַאר גָאט הָאט אָנְ־
גֶעבְּרֵייט אַ קִיקָיוֹן, אוּנְד עֶס אִיז
אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער יוֹנָה כְּדֵי עֶס
זָאל צוּ אִיהְם זֵיין אַלְס אַ שָׁאטֶען
אוֹיף זֵיין קָאפּ, אִיהְם מַצִיל צוּ זֵיין
פוּן זֵיין בֵּייז, אוּנְד יוֹנָה הָאט זִיךְ
גֶעפְרֵייעֶט אִיבֶּער דֶעם קִיקָיוֹן מִיט אַ
גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה׃
7 אָבֶער גָאט הָאט אוֹיךְ אָנְגֶעבְּרֵייט
אַ וְוֹאוּרְם, וֶוען דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן
אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ מָארְגֶענְס, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם קִיקָיוֹן אוּנְד
עֶר אִיז פֶערְדַארְט גֶעוָוארֶען׃
8 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דִיא
זוּן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט גָאט
אָנְגֶעבְּרֵייט אַ פִּירְכְטֶערְלִיכֶען מִזְרַח־
ווִינְד אוּנְד דִיא זוּן הָאט גֶעשְׁלָאגֶען
אוֹיף יוֹנָה'ס קָאפּ, אוּנְד עֶר אִיז פֶערְ־
חַלָּשְׁת גֶעוָוארֶען אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
אַלֵיין גֶעווּאוּנְשֶׁען צוּ שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער טוֹיט אִיז בֶּעסֶער
פַאר מִיר דֶען מֵיין לֶעבֶּען׃
9 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹנָה,
טְהוּסְט דוּא גוּט צוּ צָארְנֶען וֶועגֶען
דֶעם קִיקָיוֹן? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
יוֹא עֶס גְרִימְט מִיךְ גוּט בִּיז צוּם
טוֹיט׃
10 אַזוֹי הָאט גָאט גֶעזָאגְט, דוּא
דֶערְבַּארְמְסְט דִיךְ אִיבֶּער דֶעם קִיקָיוֹן
וָואס דוּא הָאסְט דִיךְ נִיט וֶועגֶען אִיהְם
בֶּעמִיהְט, אוּנְד דוּא הָאסְט אִיהְם אוֹיךְ
נִיט גְרוֹיס גֶעוַואקְסֶען לָאזֶען, וֶועלְכֶער
אִיז אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען אִין אֵיינֶע נַאכְט,
אוּנְד אִיז פֶערְלוֹירֶען גֶעוָוארֶען אִין
אֵיינֶע נַאכְט׃
11 אוּנְד זָאל אִיךְ מִיךְ נִיט דֶערְבַּארְמֶען
אִיבֶּער דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט נִינְוֵה, אִין
וֶועלְכֶער עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען מֵיין ווִיא
צְוֶועלְף מָאל צֶעהְן טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען,
וָואס ווֵייסֶען נִיט דֶעם אוּנְטֶערְשִׁיד פוּן
צְווִישֶׁען זֵייעֶרֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד
זֵייעֶרֶע לִינְקֶע הַאנְד, אוּנְד אוֹיךְ זֶעהְר
פִיל בְּהֵמוֹת?

# מִיכָה.

1 דָאס וָוארְט פוּן גָאט וָואס אִיז גְעוֶועזֶען צוּ מִיכָה, אוֹיס מוֹרָשָׁה, אִין דִיא טֶעג פוּן יוֹתָם, אָחָז, יְחִזְקִיָהוּ דִיא מְלָכִים פוּן יְהוּדָה, וָואס עֶר הָאט גְעזֶעהֶען אִיבֶּער שֹׁמְרוֹן אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם:

2 הֶערְט עֶס, אַלֶע אִיהְר פֶּעלְקֶער, אוּנְד פֶערְנֶעם עֶס אוֹי עֶרְד אוּנְד דִיא פוּלְהַייט דֶערְפוּן, אוּנְד לָאז דֶער הַאר גָאט זַיין אַיין עֵדוּת קֶעגֶען אַייךְ, יוֹא דֶער הַאר פוּן זַיין הֵיילִיגֶען הֵיכָל:

3 וָוארִין זֶעה, גָאט גֵייט אַרוֹיס פוּן זַיין אָרְט, אוּנְד עֶר וֶועט אַרוּנְטֶערְקוּמֶען אוּנְד טְרֶעטֶען אוֹיף דִיא הוֹיכֶע עָרְטֶער פוּן דֶער עֶרְד:

4 אוּנְד דִיא בֶּערְג וֶועלֶען הִינְטֶער אִיהְם צוּגֵיין, אוּנְד דִיא טָאלֶען וֶועלֶען זִיךְ צוּשְׁפַּאלְטֶען אַזוֹי וִויא וַואקְס פַאר אָ פַייעֶר, אוּנְד אַזוֹי וִויא וַואסֶער וָואס רִינְט אַרוּפּ פוּן אַ שְׁטִילֶען בַּארְג:

5 דָאס אִיז אַלֶעס וֶועגֶען דִיא זִינְד פוּן יַעֲקוֹב, אוּנְד וֶועגֶען דִיא זִינְד פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל; וָואס אִיז דִיא זִינְד פוּן יַעֲקוֹב? אִיז עֶס נִיט שֹׁמְרוֹן? אוּנְד וָואס זֶענֶען דִיא בָּמוֹת פוּן יְהוּדָה? זֶענֶען זַייא נִיט יְרוּשָׁלַיִם?

6 דַארִיבֶּער וֶועל אִיךְ מַאכֶען שֹׁמְרוֹן אַזוֹי וִויא אַ הוֹיפֶען פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד אַזוֹי וִויא אַ פְלַאנְצוּנְג פוּן אַ וַויינְגָארְטֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְרֶע שְׁטֵיינֶער אַרוּנְטֶערְוַוארְפֶען אִין דֶעם טָאהְל, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶנְטְפְּלֶעקֶען אִיהְר גְרוּנְד (פוּנְדַאמֶענְט):

7 אוּנְד אַלֶע זַיירֶע גֶעשְׁנִיצְטֶע גֶעצֶענְ־בִּילְדֶער זָאלֶען אִין שְׁטִיקֶער צוּהַאקְט וֶוערֶען, אוּנְד אַלֶע זַיירֶע זוֹנוֹת־מַתָּנוֹת וֶועלֶען פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען אִין דֶעם פַייעֶר, אוּנְד אַלֶע זַיירֶע הֵיידְנִישֶׁע גֶעצֶען וֶועל אִיךְ וִויסְט מַאכֶען, וָוארִין זִיא הָאט עֶס אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט פוּן דֶעם שָׂכָר פוּן אַ זוֹנָה, דַארוּם וֶועלֶען זַייא צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דֶעם שָׂכָר פוּן אַ זוֹנָה:

8 גְרָאד וֶועגֶען דֶעם דָאזִיגֶען וֶועל אִיךְ קְלָאגֶען אוּנְד הֵיילֶען, אִיךְ וֶועל אַרוּמְגֵיין אַזוֹי וִויא אַ בֶּערוֹיבְּטֶער אוּנְד נַאקֶעטֶער, אִיךְ וֶועל מַאכֶען קְלָאגֶען אַזוֹי וִויא אַ דְרַאכֶענ־שְׁלַאנְג, אוּנְד וֶועל טְרוֹיעֶרְן אַזוֹי וִויא דִיא יוּנְגֶע שְׁטְרוֹיסֶען:

9 וָוארִין אִיהְרֶע מַכּוֹת זֶענֶען גֶע־פֶעהְרְלִיךְ, וָוארִין עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען בִּיז צוּ יְהוּדָה, עֶס הָאט גֶעגְרֵייכְט בִּיז צוּ דֶעם טוֹיעֶר פוּן מֵיין פָאלְק־בִּיז נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם:

10 זָאגְט עֶס נִיט אָן אִין גַת, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט וַויינֶען, אִינְוֶועוַויינִיג פוּן עַפְרָה זָאלְסְט דוּא דִיךְ וַואלְגֶערְן אִין דִיא אַשׁ:

11 פָאהְרְט אִיבֶּער, אִיהְר בֶּעוָואוֹינֶערְס פוּן שָׁפִיר, מִיט אַ נַאקֶעטֶער שַׁאנְד, דִיא בֶּעוָואוֹינֶערְס פוּן צַאנָן זֶענֶען נִיט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ קְלָאגֶען מִיט בֵּית־אֵצֶל, עֶר וֶועט פוּן אֵייךְ גֶענֶעמֶען זַיין בֶּעשְׁטַאנְד:

12 דִיא אֵיינְוָואוֹינֶערִין פוּן מָרוֹת הָאט גֶעהָאפְט אוֹיף גוּטֶעס, אָבֶּער בֵּייזֶעס

איז אַרופּגעקומען פון גאָט (ביז) צו
דעם טויער פון ירושלים:
13 בינד אָן דעם רייטוואָגען צו דעם
מוילאייזעל, אוי דוא איינוואוינערין
פון לכיש, זיא איז געוועזען דער
אָנהייב פון דער זינד צו דער טאכטער
ציון, וואָרין אין דיר געפינט זיך דיא
זינד פון ישראל:
14 דארום וועסט דוא געבען (אָדער
שיקען) מתנות צו מורשת גת, דיא
הייזער פון אכזיב וועלען זיין א ליגען
צו דיא קעניגע פון ישראל:
15 אונד דאָך וועל איך צו דיר
ברענגען א יורש, דוא איינוואוינערין
פון מרשה, ביז נאָך עדלם וועט קומען
דער כבוד פון ישראל:
16 מאַך דיך קאָהל, אונד רייס אָפּ
דיא האָר פון וועגען דיא קינדער פון
דיינע תענוגים, מאַך ברייט דיינע
קאָהלהייט אזוי וויא איין אָדלער,
וואָרין זייא זענען פון דיר אין גלות
געגאַנגען:

## קאפיטעל ב

1 אוי ווייא צו דיא וואָס טראַכטען
אומרעכט, אונד טהון שלעכטעס אויף
זייער געלעגער! אונד ווען דאָס
מאָרגען־ליכט קומט אזוי טהון זייא עס,
זייא האָבען דעם כח דערצו:
2 אונד זייא גלוסטען פעלדער אונד
גזל'ן זייא, אונד הייזער אונד זייא
נעמען זייא אַוועק, אונד זייא טהון
זייא בערויבען איטליכען מאַן אין זיין
הויז, אונד אין זיינע נחלה:
3 דארום, אזוי זאָגט גאָט, זעה, איך
טראַכט בייזעס איבער דיא דאָזיגע
שלעכטע משפחה, אז איהר זאָלט
ניט פון דאַנען אָפּטהון אייערע העלזער,
אונד איהר וועט ניט אַרומגיין אזוי
הויכמוטיג, וואָרין דאָס איז א שלעכטע
צייט:
4 אין דעמזעלביגען טאג וועט מען
איבער אייך אויפנעמען א משל, מען
וועט קלאָגען א גרויסע קלאָג, אונד
זאָגען, מיר זענען אין גאַנצען בערויבט,
ער האָט פערביטען דאָס חלק פון
מיין פאָלק, אוי וויא האָט ער עס פון
מיר אָפּגעטהון! צו דיא אָפּקעהרענדע
האָט ער אונזערע פעלדער צוטיילט:
5 דארום וועסט דוא ניט האָבען
איינעם וואָס זאָל וואַרפען א שטריק
דורך דעם גורל אין דער קהלה פון
גאָט:
6 זייא זאָגען צו דיא נביאים איהר
זאָלט ניט פּרעדיגען, אָדער נביאות
זאָגען, צו זאָלכע! זאָל דען ניט דיא
שאנד אַוועקגעריקט ווערען:
7 אוי דוא צו וועמען עס ווערט
געזאָגט בית יעקב, איז דען גאָט'ס רוח
אונגעדולדיג? אָדער זאָגען דאָס זיינע
מעשים? טהון ניט מיינע ווערטער
גוט צו דעם וואָס גייט אויפריכטיג?
8 אונד ער איז אזוי וויא געכטען
דאָס מיין פאָלק איז אויפגעשטאַנען
אַלס איין פיינד, איהר ציהט אָפּ דאָס
קלייד פון דעם וואָס גייט פערביי
אין זיכערהייט, אונד וואָס קעהרען
ניט אום צו מלחמה:
9 איהר פערטרייבט דיא ווייבער
פון מיין פאָלק פון זייערע פערגניגונג'ס
הייזער, פון זייערע יונגע קינדער האָט
איהר אַוועקגענומען מיינע הערליכקייט
אויף אייביג:
10 שטייט אויף! אונד גייט אַוועק,
וואָרין דאָס איז ניט אייערע מנוחה,


ווייל

ווייל עס איז טָמֵא געוואָרען, אַזוי וועט עס אייך פֿערטילגען מיט אַ שרעקליכע פֿערטילגונג :

11 ווען אַ מענש גייט אום מיט אַ רוּחַ שֶׁקֶר אונד זאָגט ליגען, אונד זאָגט, איך וועל נביאות זאָגען פֿון וויין אונד שטאַרקען געטרענק, גראָד אַזאַלכער וואָלט זיין איין אונגעצומענער נביא צו דעם דאָזיגען פֿאָלק :

12 אוי יַעֲקוב, איך וועל דיך געוויס אים גאַנצען פֿערזאַמלען, איך וועל געוויס איינזאַמלען דיא איבערבּלייבּונג פֿון ישׂראל, איך וועל זייא צוזאַמען טהון אַזוי וויא דיא שאָף פֿון בָּצְרָה, אונד אַזוי וויא דיא סטאַדע וואָס איז אין מיטען שטאַל, זייא זאָלען מאַכען אַ לאַרם פֿון וועגען דיא מענשען :

13 דער איינבּרעכער איז פֿאַר זייא אַרויפֿגעגאַנגען, זייא האָבען אויפֿגעבּראָכען, אונד זייא זענען דורכגעגאַנגען דורך דעם טויער, אונד זייא זענען דורך דאָס זעלבּע אַרויסגעגאַנגען, אונד זייער קעניג איז פֿאַר זייא דורכגעגאַנגען, אונד גאָט איז געוועזען אַן דער שפּיץ :

קאַפּיטעל ג

1 אונד איך האָב געזאָגט, הערט עס דאָך, איהר הויפּטלייט פֿון יַעֲקוב, אונד איהר האַרען פֿון דעם הויזגעזינד פֿון ישׂראל, איז עס ניט פֿאַר אייך צו וויסען דאָס מִשְׁפָּט ?

2 איהר וואָס האָט פֿיינד דאָס גוטע אונד ליבּט דאָס שלעכטע, איהר שינדט אָפּ דיא הויט פֿון זייא, אונד זייער פֿלייש פֿון זייערע בּיינער :

3 אונד וואָס עסט דאָס פֿלייש פֿון מיין פֿאָלק, אונד איהר ציהט אַרופּ זייערע הויט פֿון זייא, אונד צושטיקעלט זייערע בּיינער, אונד איהר שפּרייט זייא אויס אַזוי וויא פֿאַר אַ טאָפּ, אונד אַזוי וויא פֿלייש אין אַ קאָך־קעסעל :

4 דענסטמאָל וועלען זייא שרייען צו גאָט, אָבּער ער וועט זייא ניט ענטפֿערן, גייערט ער וועט זיין פָּנִים פֿון זייא בּעהאַלטען אין דערזעלבּיגע צייט, ווייל זייא האָבען שלעכטע מַעֲשִׂים געטהון :

5 אַזוי זאָגט גאָט וועגען דיא נְבִיאִים וואָס מאַכען מיין פֿאָלק פֿעראירען, וואָס בּייסען מיט זייערע ציינער אונד רופֿען שָׁלוֹם, אונד קעגען דעם וואָס געט ניט פֿאַר זייער מויל, בּרייטען זייא אָן אַ מִלְחָמָה :

6 דאַרום וועט עס צו אייך זיין נאַכט פֿון נביאות זאָגען, אונד עס וועט צו אייך זיין פֿינסטער אין דעם כִּישׁוּף מאַכען, אונד דיא זון וועט אונטערגיין איבּער דיא נְבִיאִים, אונד דער טאָג וועט איבּער זייא פֿינסטער זיין :

7 אונד דיא זעהערס וועלען זיך שעמען, אונד דיא וואָהרזאָגערס וועלען שאַנד־רויט ווערען, אונד אַלע וועלען זייערע ליפּען בּעדעקען, וואָרין עס וועט ניט זיין קיין ענטפֿער פֿון גאָט :

8 אָבּער בֶּאֱמֶת איך בּין פֿול מיט כּוֹחַ פֿון גאָט'ס רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אונד מיט מִשְׁפָּט אונד גְבוּרָה, כְּדֵי צו זאָגען צו יַעֲקוב זיינע פְּשָׁעִים אונד צו יִשְׂרָאֵל זיינע זינד :

9 הערט דאָך דאָס דאָזיגע, איהר הויפּטלייט פֿון דעם הויזגעזינד פֿון יַעֲקוב, אונד איהר האַרען פֿון דעם הויזגעזינד פֿון יִשְׂרָאֵל, וואָס איהר



טהוט

טְהוּט פֶערְאוּמְוֶוערְדִיגֶען דָאס מִשְׁפָּט,
אוּנְד אִיהְר פֶערקְרִימְט אַלֶעס אוּפְּ־
רִיכְטִיגֶע:
10 זֵייא בּוֹיעֶן אוֹיף צִיוֹן מִיט בְּלוּט,
אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם מִיט אוּמְרֶעכְט:
11 זֵיירֶע הוֹיפְּטלֵייטֶע מִשְׁפָּט'ן דוּרְךְ
שׁוֹחַד, אוּנְד זֵיירֶע כּוֹהֲנִים לֶעהְרֶען
פַאר אַ קוֹיפְפְּרֵייז, אוּנְד זֵיירֶע נְבִיאִים
פַאר גֶעלְד, אוּנְד דָאךְ לֶעהְנֶען זֵייא
זִיךְ אָן אוֹיף גָאט, אוּנְד זָאגֶען, אִיז
דֶען נִיט גָאט צְווִישֶׁען אוּנְס? דָאס
שְׁלֶעכְטֶע וֶועט נִיט אִיבֶּער אוּנְס
קוּמֶען:
12 דַארוּם וֶועט צִיוֹן אוּם אֵיירֶעט
וֶוענֶען גֶעאַקֶערְט וֶוערֶען אַזוֹי ווִיא אַ
פֶעלְד, אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם וֶועט וֶוערֶען צוּ
אַ הוֹיפֶען, אוּנְד דֶער בַּארְג פוּן דֶעם
הוֹיז (דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ) אַזוֹי ווִיא דִיא
בָּמוֹת פוּן אַ וַואלְד:

קאפיטעל ד

1 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אִין דִיא לֶעצְטֶע
טֶעג, אַזוֹי וֶועט דֶער בַּארְג פוּן גָאט'ס
הוֹיז זֵיין אָנְגֶעבְּרֵייט אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ
פוּן דִיא בֶּערְג, אוּנְד עֶס וֶועט דֶערְ־
הֵייכְט וֶוערֶען פוּן דִיא בֶּערְג, אוּנְד
פֶעלְקֶער וֶועלֶען צוּ אִיהְם שְׁטְרָאמֶען
אַזוֹי ווִיא אַ טֵייךְ:
2 אוּנְד עֶס וֶועלֶען פִילֶע פֶעלְקֶער
אַהִינְגֵיין, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זָאגֶען,
קוּמְט, אוּנְד לָאמֶער אַרוֹיפְגֵיין צוּ דֶעם
בַּארְג פוּן גָאט, אוּנְד צוּ דֶעם הוֹיז
פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד עֶר וֶועט אוּנְס
לֶעהְרֶען פוּן זֵיין וֶועג, אוּנְד מִיר
וֶועלֶען גֵיין אִין זֵיינֶע שְׁטֶעגֶען, וָוארִין
פוּן צִיוֹן וֶועט אַרוֹיסְגֵיין דִיא תּוֹרָה,
אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אוֹיס
יְרוּשָׁלַיִם:
3 אוּנְד עֶר וֶועט מִשְׁפָּט'ן צְווִישֶׁען
פִילֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד עֶר וֶועט מוּסַר
זָאגֶען צוּ שְׁטַארְקֶע פֶעלְקֶער פוּן
ווייטֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען מַאכֶען זֵיירֶע
שְׁוֶוערְטֶער צוּ שְׁנֵייד־מֶעסֶערְס, אוּנְד
זֵיירֶע שְׁפִּיזֶען דִיא צְווֵייגֶען פוּן דִיא
בֵּיימֶער צוּ בֶּעשְׁנֵיידֶען, אֵיין פָאלְק
וֶועט נִיט מֶעהְר אוֹיפְהֵייבֶּען אַ שְׁוֶוערְד
קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן פָאלְק, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען נִיט מֶעהְר לֶערְנֶען מִלְחָמָה צוּ
הַאלְטֶען:
4 נֵייעֶרְט זֵייא וֶועלֶען ווֹאוֹינֶען אִיטְ־
לִיכֶער אוּנְטֶער זֵיין ווֵיינשְׁטָאק, אוּנְד
אִיטְלִיכֶער אוּנְטֶער זֵיין פֵייגֶענְבּוֹים,
אוּנְד קֵיינֶער וֶועט זִיךְ נִיט דֶערשְׁרֶעקֶען,
וָוארִין דָאס מוֹיל פוּן יְהֹוָה צְבָאוֹת
הָאט עֶס גֶערֶעט:
5 וָוארִין אַלֶע פֶעלְקֶער וֶועלֶען גֵיין,
אִיטְלִיכֶער אִין דֶעם נָאמֶען פוּן זֵיין
גָאט, אָבֶּער מִיר וֶועלֶען גֵיין אִין דֶעם
נָאמֶען פוּן יְהֹוָה אוּנְזֶער גָאט אוֹיף
אִימֶער אוּנְד אֵייבִּיג:
6 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, זָאגְט גָאט,
וֶועל אִיךְ פֶערְזַאמְלֶען דִיא הִינְקֶערְדִיגֶע,
אוּנְד דִיא פֶערשְׁטוֹיסֶענֶע, אוּנְד דִיא
צוּ וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ שְׁלֶעכְטֶעס
גֶעטְהוּן:
7 אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען דִיא הִינְ־
קֶערְדִיגֶע אַן אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג, אוּנְד דִיא
פֶערשְׁטוֹיסֶענֶע צוּ אַ שְׁטַארְק פָאלְק,
אוּנְד גָאט וֶועט אִיבֶּער זֵייא רֶעגִירֶען
אוֹיף דֶעם בַּארְג צִיוֹן, פוּן אַצוּנְד אָן
אוּנְד בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג:
8 אוּנְד דוּא, אוֹי טוּרֶעם פוּן דֶער
סְטַאדֶע, דִיא שְׁטַארְקַייט פוּן דֶער
טָאכְטֶער צִיוֹן, צוּ דִיר וֶועט זִיא קוּמֶען,
יוֹא, דִיא עֶרְשְׁטֶע גֶעוֶועלְטִינְקֵייט, דִיא

מְלוּכָה פוּן דֶער טָאכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם׃
9 אַצוּנְד, וַוארוּם שְׁרֵייעֶסְט דוּא אַזַא
גֶעשְׁרֵייא? אִיז דֶען נִיט אַ מֶלֶךְ אִין
דִיר? אִיז דֶען דֵיין עֵצָה־גֶעבֶּער,
פֶערְלוֹירֶען (אוּמְגֶעקוּמֶען)? וָוארִין
שְׁטַארְקֶע וֵוייעֶן הָאט דִיךְ אָנְגֶעכַאפְּט
אַזוֹי וִויא אַ גֶעווִיינֶערִין׃
10 הָאבּ וֵוייעֶן, בֵּייג דִיךְ אַיין, אוֹי
דוּא טָאכְטֶער פוּן צִיוֹן, אַזוֹי וִויא אַ
גֶעווִיינֶערִין, וָוארִין אַצוּנְד זָאלְסְט דוּא
אַרוֹיסְגֵיין אוֹיס דֶער שְׁטָאט, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט וְואוֹינֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט קוּמֶען בִּיז נָאךְ בָּבֶל,
דָארְט וֶועסְט דוּא נִיצוֹל וֶוערֶען, אוּנְד
דָארְט וֶועט דִיךְ גָאט אוֹיסְלֵייזֶען פוּן
דֶער הַאנְד פוּן דֵיינֶע פֵיינְד׃
11 אוּנְד שׁוֹין אַצוּנְד פֶערְזַאמֶעלְן זִיךְ
פִילֶע פֶעלְקֶער קֶעגֶען דִיר, וָואס זָאגֶען,
לָאז אוּמְרֵיין וֶוערֶען, אוּנְד לָאזֶען
אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען קוּקֶען אוֹיף צִיוֹן׃
12 אָבֶּער זֵייא וֵוייסֶען נִיט דִיא גֶע־
דַאנְקֶען פוּן גָאט, אוּנְד זֵייא פֶערְשְׁטֵייעֶן
אוֹיךְ נִיט זֵיינֶע עֵצוֹת, וָוארִין עֶר וֶועט
זֵייא צוּזַאמֶען זַאמֶעלְן אַזוֹי וִויא מֶען
זַאמֶעלְט אַיין גַארְבֶּען צוּ דְרֶעשֶׁען אִין
דִיא שֵׁייעֶר׃
13 שְׁטֵייא אוֹיף! אוּנְד דְרֶעשׁ, אוֹי
דוּא טָאכְטֶער פוּן צִיוֹן, וָוארִין אִיךְ
וֶועל מַאכֶען דֵיינֶע הֶערְנֶער אַייזֶען,
אוּנְד דֵיינֶע קְלוֹיעֶן וֶועל אִיךְ מַאכֶען
קוּפֶּער, אוּנְד דוּא וֶועסְט אִין שְׁטִיקֶער
צוּשְׁלָאגֶען פִילֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד אִיךְ
וֶועל זֵייעֶר גֶעווִין אִין חֵרֶם לֵייגֶען
(אָדֶער הֵיילִיגֶען) צוּ גָאט, אוּנְד זֵייעֶר
פֶערְמֶעגֶען צוּ דֶעם הַאר פוּן דֶער
גַאנְצֶער וֶועלְט׃
14 אַצוּנְד פֶערְזַאמֶעל דֵיינֶע חַיָלוֹת,
אוֹי דוּא טָאכְטֶער פוּן חַיָלוֹת, מֶען
הָאט אַיינֶע בֶּעלַאגֶערוּנְג אִיבֶּער אוּנְס
גֶעמַאכְט, זֵייא וֶועלֶען דֶעם שׁוֹפֵט פוּן
יִשְׂרָאֵל שְׁלָאגֶען אוֹיף דִיא בַּאקֶען מִיט
אַ רוּט׃

## קאפיטעל ה

1 אוּנְד דוּא בֵּית־לֶחֶם אֶפְרָתָה,
חָאטְשֶׁע דוּא בִּיזְט קְלֵיין צְווִישֶׁען דִיא
טוֹיזֶענְד פוּן יְהוּדָה, דָאךְ זָאל מִיר פוּן
דִיר אַרוֹיסְקוּמֶען דֶער וָואס זָאל זֵיין
דֶער גֶעוָועלְטִיגֶער אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
וָואס זֵיין אוֹיסְגַאנְג אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן
פְרִיהֶערֶע צֵייטֶען אֵיידֶער דִיא וֶועלְט
אִיז נָאךְ בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען׃
2 דַארוּם וֶועט עֶר זֵייא אִיבֶּערְעֶנְטְ־
פֶערְן בִּיז צוּ דֶער צֵייט דָאס דִיא
גֶעווִיינֶערִין וֶועט גֶעווִינֶען, דֶערְנָאךְ
וֶועלֶען דִיא אִיבְּרִיגֶע פוּן זֵיינֶע בְּרִידֶער
צוּרִיקְקוּמֶען צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃
3 אוּנְד עֶר וֶועט שְׁטֵיין אוּנְד עֶר
וֶועט (פַּאשֶׁען) וֵויידֶען אִין דִיא שְׁטַארְ־
קַייט פוּן יְהוָֹה, אוּנְד אִין דֶער
מַאיֶעסְטֶעט פוּן דֶעם נָאמֶען יְהוָֹה זֵיין
גָאט, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען וְואוֹינֶען
בְּלֵייבֶּען, וָוארִין אַצוּנְד וֶועט עֶר גְרוֹיס
זֵיין בִּיז צוּ דִיא עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד׃
4 אוּנְד דֶער דָאזִיגֶער (מַאן) וֶועט
זֵיין שָׁלוֹם, וֶוען אַשּׁוּר וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען
אִין אוּנְזֶער לַאנְד, אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט
טְרֶעטֶען אוּנְזֶערֶע פַּאלַאסְטֶען, אַזוֹי
וֶועלֶען מִיר קֶעגֶען אִיהְם אוֹיפְשְׁטֶעלֶען
זִיבֶּען פַּאסְטוּכֶערְס, אוּנְד אַכְט אוֹי־
בֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא מֶענְשֶׁען׃
5 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען פֶערְווִיסְטֶען דָאס
לַאנְד פוּן אַשּׁוּר מִיט דֶעם שְׁווֶערְד,
אוּנְד אוֹיךְ דָאס לַאנְד פוּן נִמְרוֹד אִין
זֵיירֶע אֵיינְגֶענְגֶע, אַזוֹי וֶועט עֶר אוּנְס

מציל

מַצִיל זַיין פוּן אַשׁוּר, וָוען עֶר וֶועט קוּמֶען אִין אוּנְזֶער לַאנְד, אוּנְד וָוען עֶר וֶועט טְרֶעטֶען אִין אוּנְזֶערֶע גְרֶענֶעץ׃

6 אוּנְד דִיא אִיבֶּערבְּלַייבּוּנְג פוּן יַעֲקוֹב זָאל זַיין צְווִישֶׁען פִילֶע פֶעלְקֶער, אַזוֹי וִויא דֶער טוֹיא פוּן גָאט אוּנְד אַזוֹי וִויא דֶער שְׁפְּרֵייא־רֶעגֶען אוֹיף דֶעם גְרָאז, וָואס וַוארְט נִיט אוֹיף קֵיין מֶענְשׁ אוּנְד וָואס וַוארְט נִיט אוֹיף דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער׃

7 אוּנְד דִיא אִיבֶּערבְּלַייבּוּנְג פוּן יַעֲקוֹב וֶועט זַיין צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם, צְווִישֶׁען פִילֶע פֶעלְקֶער, אַזוֹי וִויא אַ לֵייבּ צְווִישֶׁען דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם וַואלְד, אוּנְד וִויא אַ יוּנְגֶער לֵייבּ צְווִישֶׁען אַ סְטַאדֶע פוּן שָׁאף, וֶועלְכֶער, וָוען עֶר גֵייט דוּרְךְ אַזוֹי צוּטְרֶעט עֶר אוּנְד פֶערְצוּקְט אוּנְד קֵיינֶער קֶען נִיט מַצִיל זַיין׃

8 דֵיינֶע הַאנְד וֶועט דֶערְהוֹיבֶּען זַיין קֶעגֶען דֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד אַלֶע דֵיינֶע פֵיינְד וֶועלֶען פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען׃

9 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, זָאגְט גָאט, דָאס אִיךְ וֶועל פֶערשְׁנֵיידֶען דֵיינֶע פֶערְד פוּן צְווִישֶׁען דִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְטִילְגֶען דֵיינֶע רֵייטְוָועגֶען׃

10 אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערשְׁנֵיידֶען דִיא שְׁטֶעט פוּן דֵיין לַאנְד, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּשְׁטוֹיסֶען אַלֶע דֵיינֶע פֶעסְטוּנְגֶען׃

11 אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערשְׁנֵיידֶען דֵיינֶע כִּישׁוּף־מַאכֶערְס אוֹיס דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד קֵיינֶע וָוארְזָאגֶערְס זָאלֶען נִיט מֶעהְר זַיין צְווִישֶׁען דִיר׃

12 אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערשְׁנֵיידֶען דֵיינֶע גֶעצֶען־בִּילְדֶער אוּנְד דֵיינֶע מַצֵבוֹת פוּן צְווִישֶׁען דִיר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט מֶעהְר בִּיקֶען צוּ דִיא מַעֲשִׂים פוּן דֵיינֶע הֶענְד׃

13 אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיסְרֵייסֶען דֵיינֶע לִינְדֶען־בֵּיימֶער פוּן צְווִישֶׁען דִיר, אוּנְד אַזוֹי וֶועל אִיךְ פֶערְטִילְגֶען דֵיינֶע שְׁטֶעט׃

14 אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס טְהוּן מִיט צָארְן אוּנְד מִיט גְרִימְצָארְן, אִיךְ וֶועל מִיךְ נוֹקֵם זַיין אַן דִיא גוֹיִם, אַ זָאלְכֶעס וָואס אִיז נָאךְ קֵיינְמָאל נִיט גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען׃

קאפיטעל ו

1 הֶערְט דָאךְ צוּ דָאס וָואס גָאט זָאגְט! שְׁטֵייא אוֹיף, קְרִיג דִיךְ מִיט דִיא בֶּערְג, אוּנְד לָאזֶען דִיא בֶּערְגֶלֶעךְ הֶערֶען דֵיין קוֹל׃

2 הֶערְט דָאךְ, אוֹי אִיהְר בֶּערְג גָאטְ׳ס קְרִיג, אוּנְד אִיהְר שְׁטַארְקֶע גְרוּנְד־פֶעסְטֶען פוּן דֶער עֶרְד, וָוארִין גָאט הָאט אַ קְרִיג מִיט זַיין פָאלְק, אוּנְד מִיט יִשְׂרָאֵל הָאט עֶר אַ וִוכּוּחַ׃

3 אוֹי, מֵיין פָאלְק, וָואס הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעטְהוּן? אוּנְד מִיט וָואס הָאבּ אִיךְ דִיךְ מִיד גֶעמַאכְט? עֶנְטְפֶער מִיר׃

4 וָוארִין אִיךְ הָאבּ דִיךְ אַרוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט אוֹיס דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד פוּן דֶעם קְנֶעכְט־הוֹיז הָאבּ אִיךְ דִיךְ אוֹיסְגֶעלֵייזְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ פַאר דִיר גֶעשִׁיקְט דֶעם משֶׁה אוּנְד אַהֲרוֹן אוּנְד מִרְיָם׃

5 אוֹי מֵיין פָאלְק, גֶעדֶענְק דָאךְ וָואס פַאר אֵיינֶע עֵצָה בָּלָק דֶער מֶלֶךְ פוּן מוֹאָב הָאט גֶעהַאלְטֶען, אוּנְד וָואס בִּלְעָם בֶּן בְּעוֹר הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, פוּן שִׁטִּים בִּיז נָאךְ גִלְגָל, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט וִויסֶען דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט׃

6 מִיט וָואס זָאל אִיךְ פָארְקוּמֶען צוּ
גָאט, אוּנְד מִיךְ בִּיקֶען פַאר דֶעם
אַלֶער הֶעכְסְטֶען גָאט ? זָאל אִיךְ פַאר
אִיהְם קוּמֶען מִיט קָרְבָּן עוֹלוֹת מִיט
קֶעלְבֶּער פוּן אֵיין יָאהְר אַלְט ?
7 וִויל דֶען גָאט אָנְנֶעמֶען טוֹיזֶענְדֶע
פוּן ווִידֶער, אָדֶער מִיט צֶעהְנטוֹיזֶענְדֶע
טֵייכֶען אֵייל ? זָאל אִיךְ (אִיהְם) גֶעבֶּען
מֵיין בְּכוֹר פַאר מֵיינֶע זִינְד, דִיא
פְּרוּכְט פוּן מֵיין לֵייבּ פַאר דִיא זִינְד
פוּן מֵיין לֵייבּ ?
8 אוֹי דוּא מֶענְשׁ ! עֶס אִיז צוּ דִיר
אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, וָואס אִיז גוּט,
אוּנְד וָואס פֶערְלַאנְגְט דֶען גָאט פוּן
דִיר, נֵייעֶרְט אַז דוּא זָאלְסְט טְהוּן
מִשְׁפָּט, אוּנְד זָאלְסְט לִיבֶּען חֶסֶד, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט דֶעמִיטִיגְלִיךְ גֵיין מִיט דֵיין
גָאט ?
9 גָאטְ'ס קוֹל רוּפְט אִין דֶער שְׁטָאט,
אוּנְד דִיא פֶערשְׁטֶענְדִיגֶע לֵייט וֶועלֶען
זֶעהֶען זֵיין נָאמֶען, הֶערְט צוּ דִיא רוּט,
אוּנְד וֶוער עֶס הָאט דָאס בֶּעשְׁטִימְט :
10 זֶענֶען דֶען נָאךְ אִין דֶעם הויז פוּן
דֶעם אוּמְגֶערֶעכְטֶען מַאן אוֹצְרוֹת פוּן
רִשְׁעַה, אוּנְד דִיא פַאלְשֶׁע אֵיפָה וָואס
אִיז פֶערְשָׁאלְטֶען ?
11 זָאל אִיךְ זֵייא אַלְס רֵיין דֶערקְלֶער־
רֶען מִיט דִיא וָואגְשָׁאלֶען פוּן רִשְׁעַה,
אוּנְד מִיט פַאלְשֶׁע גֶעווִיכְט שְׁטֵיינֶער
אִין דֶעם בֵּייטֶעל ?
12 וָואס זֵיירֶע רֵייכֶע לֵייט זֶענֶען פוּל
מִיט רוֹיבֶּערֵייא, אוּנְד דִיא בֶּעווָאוינֶערְם
רֶעדֶען לִיגֶען, אוּנְד זֵיירֶע צוּנְג אִיז
פַאלְשׁ אִין זֵייעֶר מוֹיל :
13 דַארִיבֶּער וֶועל אִיךְ דִיךְ אוֹיךְ
קְרַאנְק מַאכֶען וָוען אִיךְ שְׁלָאג דִיךְ,
אִיךְ וֶועל דִיךְ ווִיסְט מַאכֶען פוּן וֶועגֶען
דֵיינֶע זִינְד :
14 דוּא וֶועסְט עֶסֶען, אָבֶּער דוּא
וֶועסְט נִיט זַאט וֶוערֶען, אוּנְד דוּא
וֶועסְט צְווִישֶׁען דִיר אַנִידֶערְגֶעבֵּייגְט
וֶוערֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט דֶערגְרֵייכֶען
אָבֶּער נִיט עֶנְטְרִינֶען מַאכֶען, אָבֶּער
דָאס וָואס דוּא וֶועסְט מַצִיל זֵיין וֶועל
אִיךְ אִיבֶּערֶענְטְפֶערְן צוּ דֶעם שְׁוֶוערְד :
15 דוּא וֶועסְט זֵייעֶן אָבֶּער (קֵיין
תְּבוּאָה) נִיט שְׁנֵיידֶען, דוּא וֶועסְט
טְרֶעטֶען דִיא אֵיילְבֶּערְטֶען, אָבֶּער דוּא
וֶועסְט דִיךְ נִיט זַאלְבֶּען מִיט דֶעם
אֵייל, אוּנְד דוּא וֶועסְט טְרֶעטֶען ווִיינ־
טְרוֹיבֶּען, אָבֶּער דוּא וֶועסְט נִיט טְרִינְקֶען
קֵיין ווִיין :
16 וָוארִין דִיא גֶעזֶעץ פוּן עָמְרִי
וֶוערֶען גֶעהַאלְטֶען, אוּנְד אַלֶע (בֵּייזֶע)
מַעֲשִׂים פוּן דֶעם הויזְגֶעזִינְד פוּן אַחְאָב,
אוּנְד אִיהְר גֵייט אִין זֵיירֶע עֵצוֹת כְּדֵי
אִיךְ זָאל דִיךְ מַאכֶען צוּ אַ פֶערְווִיסְטוּנְג,
אוּנְד דִיא בֶּעווָאוינֶערְם דֶערְפוּן צוּ אַ
שְׁמוּצֶערוּנְג, אוּנְד אַז זֵייא זָאלֶען
טְרָאגֶען דִיא חֶרְפָּה פוּן מֵייִי פָאלְק :

קאפיטעל ז

1 אוֹי, ווֵייא אִיז מִיר ! וָוארִין אִיךְ
בִּין אַזוֹי ווִיא וֶוען מֶען קְלוֹיבְּט צוּזַאמֶען
דִיא סוֹף זוּמֶער־פֵּירוֹת, אַזוֹי ווִיא מֶען
קְלוֹיבְּט אָפּ דִיא אִיבֶּערְגֶעלָאזְטֶע ווֵיינ־
טְרוֹיבֶּען, וָוארִין עֶס אִיז נִיט מֶעהְר
דָא אַ הֶענְגֶעל צוּ עֶסֶען, מֵיינֶע זֶעלֶע
הָאט גֶעגְלוּסְט דִיא צֵייטִיגֶע פֵּירוֹת :
2 דֶער חָסִיד אִיז פֶערְלוֹירֶען פוּן
דֶעם לַאנְד, אוּנְד עֶס אִיז נִיט פֶערְ־
הַאנְדֶען אֵיין אוֹיפְרִיכְטִיגֶער מֶענְשׁ,
זֵייא אַלֶע לוֹיעֶרְן אוֹיף בְּלוּט, זֵייא
יָאגֶען נָאךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן מִיט
אַ גֶעץ :

3 אויף דעם שלעכטען וואס איהר
טהוט מיט אייערע הענד מיינט איהר
עס איז צום גוטען, דער פירשט פערד־
לאנגט עס אונד דער שופט משפט
אויף בעצאהלונג, אונד דער גרויסער
מאן רעדט נור וואס עס גלוסט איהם,
אונד אזוי האבען זייא עס צוזאמען
געפלאכטען :
4 דער בעסטער פון זייא איז וויא א
דארן, דער אויפריכטיגסטער איז ערגער
וויא א דארנבוש, דער טאג פון דיינע
וועכטער אונד דיינע בעשטראפונג
קומט אן, אונד אצונד וועט זיין זייערע
פערוויררונג :
5 איהר זאלט קיין פריינד ניט טרויען,
איהר זאלט אייך ניט פערלאזען אויף
א האר, אונד אפילו פון דיא וואס
ליגט אין דיין שויס זאלסט דוא היטען
דיא טהיר פון דיין מויל :
6 ווארין דער זוהן איז מבזה זיין
פאטער, דיא טאכטער שטייט אויף
קעגען איהרע מוטער, אונד א שנור
קריגט זיך מיט איהרע שוויגער, א
מענשענ'ס פיינד זענען דיא לייט פון
זיין אייגען הויזגעזינד :
7 אבער איך וועל נאר קוקען אונד
האפען אויף גאט וואס איז מיינע
הילף (ישועה), מיין גאט וועט מיך
דערהערען :
8 דוא זאלסט דיך ניט פרייען איבער
מיר, אוי מיין פיינד ; ווארין ווען איך
שוין פאל וועל איך דאך אויפשטיין,
חאטשע איך זיץ אין דער פינסטערניס,
אזוי וועט דאך גאט זיין מיין ליכט :
9 איך וועל ליידען גאט'ס צארן,
ווארין איך האב קעגען איהם גע־
זינדיגט, ביז ער וועט זיך פאר מיר
אננעמען אונד ער וועט טהון מיין
משפט, ער וועט מיך ארויסברענגען
צו דעם ליכט, אונד איך וועל זעהען
זיינע גערעכטיגקייט :
10 אונד דיא וואס איז מיינע פיינדין
וועט עס זעהען, אונד שאנדע וועט
דיא בעדעקען וואס האט צו מיר גע־
זאגט, אוואו איז יהוה דיין גאט ?
מיינע אויגען וועלען זיא זעהען, אונד
אצונד וועט זיא צוטרעטען ווערען
אזוי וויא ליים פון דער גאס :
11 עס איז א טאג אום דיינע צוימען
(מויערן) אויפצובויען, אין דעמזעל־
ביגען טאג וועלען דיא גרעניץ דער־
ווייטערט ווערען :
12 אין דעמזעלביגען טאג וועט אויך
צו דיר אהערקומען פון אשור אונד
פון דיא פעסטע שטעט, אונד פון
דיא פעסטונגען ביז צו דעם טייך,
אונד פון ים צו ים, אונד פון בארג
צו בארג :
13 אונד דאס לאנד וועט וויסט
ווערען איבער איהרע בעוואוינער,
וועגען זייערע בייזע מעשים :
14 וייד דיין פאלק מיט דיינע רוט,
דיא שאף פון דיינע נחלה, וואס רוהען
אליין אין דעם וואלד, אין דער מיטען
פון כרמל, לאזען זייא זיך פאשען אין
בשן אונד אין גלעד אזוי וויא אין דיא
אלטע טעג :
15 אזוי וויא אין דיא טעג ווען דוא
ביזט ארויסגעגאנגען פון דעם לאנד
מצרים, אזוי וועל איך איהם ווייזען
וואונדער :
16 דיא גוים וועלען עס זעהען אונד
זייא וועלען פערשעמט ווערען פון
וועגען אלע זייערע שטארקהייט, זייא

װעלֶען זֵײרֶע הֶענְד לֵײגֶען אויף זֵײעֶר
מויל, אוּנְד זֵײרֶע אוירֶען װעלֶען טויבּ
װערֶען׃
17 זֵייא װעלֶען לֶעקֶען שְׁטויבּ אַזוי
װיא אַ שְׁלַאנְג, אַזוי װיא דִיא װָאס
קְרִיכֶען אַרוים פוּן זֵײרֶע לֶעכֶער (פוּן)
דֶער עֶרְד, זֵייא װעלֶען מוֹרָא הָאבֶּען
פַאר יְהֹוָה אוּנְזֶער גָאט, אוּנְד זֵייא
װעלֶען מוֹרָא הָאבֶען פַאר דִיר׃
18 װער אִיז אַ גָאט אַזוי װיא דוּא
בִּיזְט, װָאס פֶערְגִיבְט דִיא זִינְד אוּנְד
פָּארְט אִיבֶּער (אִיז מוֹחֵל) דִיא זִינְד פוּן
דֶער אִיבֶּערבְּלֵײבּוּנְג פוּן זֵײנֶע נַחֲלָה?
עֶר װעט נִיט אויף אֵײבִּיג אָנְהַאלְטֶען
זֵיין צָארְן, װייל עֶר הָאט אַ פֶערְלַאנְגֶען
אִין בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט (חֶסֶד)׃
19 עֶר װעט זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען אוּנְד
זִיךְ אִיבֶּער אוּנְס דֶערְבַּארְמֶען, עֶר
װעט בֶּעצְװִינְגֶען אוּנְזֶערֶע זִינְד, אוּנְד
דוּא װעסְט אַלֶע אוּנְזֶערֶע זִינְד אַרֵיינְ־
װַארְפֶען אִין דִיא טִיפֶענִים פוּן דֶעם
יַם׃
20 דוּא װעסְט גֶעבֶּען דֶעם אֱמֶת
(װָאס דוּא הָאסְט צוּגֶעזָאגְט) צוּ יַעֲקוֹב,
דֶעם חֶסֶד צוּ אַבְרָהָם, װָאס דוּא
הָאסְט גֶעשְׁװוּאוירֶען צוּ אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן
פוּן דִיא אַלְטֶע צֵייטֶען אַן׃

# נחום.

1 דִיא לַאסְט פוּן נִינְוֵה,—דָאס סֵפֶר
פוּן דִיא נְבוּאָה פוּן נַחוּם אוּיס אֶלְקוֹשׁ׃
2 גָאט אִיז (אֵײפְרִיג) צָארְנִיג, אוּנְד
גָאט אִיז זִיךְ נוֹקֵם, יוֹא גָאט אִיז זִיךְ
נוֹקֵם אוּנְד עֶר אִיז אַ צָארְנִיגֶער הַאר;
גָאט װעט זִיךְ נוֹקֵם זֵיין אִיבֶּער זֵיינֶע
פֵיינְד, אוּנְד עֶר הִיט גוּט דֶעם צָארְן
פַאר זֵיינֶע פֵיינְד׃
3 אָבֶּער גָאט אִיז לַאנְגמִיטִיג אוּנְד
פוּן גְרויסֶען כּוֹחַ, אוּנְד עֶר װעט
קֵיינֶעם נִיט אוּמְבֶּעשְׁטְרָאפְט לָאזֶען, גָאט
הָאט זֵיין װעג אִין דֶעם שְׁטוּרְמְװוִינְד
אוּנְד אִין דֶעם שְׁטָארֶעם, אוּנְד דִיא
װָאלְקֶען זֶענֶען דֶער שְׁטויבּ פוּן זֵיינֶע
פִיס׃
4 עֶר שְׁרֵייעֶט אָן דָאס יַם, אוּנְד עֶר
מַאכְט עֶס טְרוּקֶען, אוּנְד אַלֶע טֵייכֶען
מַאכְט עֶר טְרוּקֶען, בָּשָׁן אוּנְד כַּרְמֶל
פֶערשְׁמַאכְטֶען, אוּנְד דִיא בְּלוּמֶען פוּן
לְבָנוֹן פֶערְװֶעלְקֶען׃
5 פַאר אִיהְם צִיטֶערְן דִיא בֶּערְג,
אוּנְד דִיא הֵיבֶע בֶּערְג צוּשְׁמֶעלְצֶען,
אוּנְד פַאר זֵיין פָּנִים דֶערְהֵייבְט זִיךְ
דִיא עֶרְד, אוּנְד דִיא װעלְט אוּנְד אַלֶע
װָאס װאוינֶען אויף אִיהְר׃
6 װער קֶען בֶּעשְׁטֵיין פַאר זֵיין צָארְן?
אוּנְד װער קֶען בֶּעשְׁטֵיין פַאר זֵיין
גְרִימְצָארְן? (װָארִין) זֵיין גְרִימְצָארְן
װערְט אוּיסְגֶעגָאסֶען װיא פֵייעֶר, אוּנְד
דִיא פֶעלְזֶען װערֶען פַאר אִיהְם
צוּבְּרָאכֶען׃
7 גָאט אִיז גוּט, אֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט
אִין

אִין דֶעם טָאג פוּן דֶער צָרָה, אוּנְד עֶר קֶען דִיא וָואס פֶערטְרוֹיעֶן אוֹיף אִיהְם׃

8 אָבֶּער מִיט אֵיינֶע פֶערפְלֵייצוּנְג וֶועט עֶר אֵיין עֶנְד מַאכֶען פוּן אִיהְר אָרְט, אַזוֹי דָאס פִינְסְטֶערְנִיס וֶועט זֵיינֶע פֵיינְד נָאכְיָאגֶען׃

9 וָואס טְרַאכְט אִיהְר קֶעגֶען גָאט? עֶר וֶועט אַ גַאנְצֶעס עֶנְד מַאכֶען, דִיא צָרָה וֶועט נִיט דָאס צְוֵוייטֶע מָאל קֶעגֶען אוֹיפְשְׁטֵיין׃

10 וָוארִין חָאטְשֶׁע זֵייא זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶעפְּלָאכְטֶען אַזוֹי וִויא דֶערְנֶער, אוּנְד חָאטְשֶׁע זֵייא זֶענֶען (וֶועלֶען זַיין) בֶּעטְרוּנְקֶען אַזוֹי וִויא דִיא בֶּעטְרוּנְקֶענֶע, וֶועלֶען זֵייא דָאךְ פֶערבְּרֶענְט וֶוערֶען אַזוֹי וִויא פוּל טְרָאקֶענֶעס שְׁטְרוֹי׃

11 פוּן דִיר אִיז אֵיינֶער אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען וָואס טְרַאכְט בֵּייזֶעס קֶעגֶען גָאט, עֶר אִיז אַ שְׁלֶעכְטֶער עֵצָה־גֶעבֶּער׃

12 אַזוֹי זָאגְט גָאט, חָאטְשֶׁע זֵייא זֶענֶען שְׁטִיל אוּנְד זֶענֶען פוּל, דָאךְ זָאלֶען זֵייא פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען וֶוען עֶר וֶועט אִיבֶּערְפָארֶען, אוּנְד חָאטְשֶׁע אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעפֵּיינִיגְט, וֶועל אִיךְ דִיךְ נִיט מֶעהְר פֵּיינִיגֶען׃

13 וָוארִין אַצוּנְד וֶועל אִיךְ צוּבְּרֶעכֶען זַיין יָאךְ פוּן אָפּ דִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּרֵייסֶען דֵיינֶע שְׁטְרִיק׃

14 אוּנְד גָאט הָאט וֶועגֶען דִיר גֶעבָּאטֶען, אַז עֶס זָאל נִיט מֶעהְר פוּן דַיין נָאמֶען גֶעזֵייעט וֶוערֶען, אוּנְד פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דַיין גָאט וֶועל אִיךְ פֶערשְׁנֵיידֶען דִיא גֶעצֶען–אוּנְד גֶעגָאסֶענֶע בִּילְדֶער, אִיךְ וֶועל מַאכֶען דַיין קֶבֶר, וָוארִין דוּא בִּיזְט שְׁלֶעכְט׃

## קאפיטעל ב

1 זֶעה, אוֹיף דִיא בֶּערְג זֶענֶען דִיא פִּיס פוּן דֶעם מְבַשֵּׂר, עֶר מַאכְט הֶערֶען שָׁלוֹם! אוֹי יְהוּדָה הַאלְט דַיין פֵייעֶר־טָאג, בֶּעצָאל דֵיינֶע נְדָרִים, וָוארִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער וֶועט נִיט מֶעהְר דוּרְךְ דִיר אִיבֶּערְפָאהְרֶען, עֶר וֶועט אִים גַאנְצֶען פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען׃

2 דֶער וָואס הָאט פֶערשְׁפְּרֵייט פַאר דַיין פָּנִים אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, עֶר הָאט זִיךְ בֶּעלַאגֶערְט, עֶר הִיט דֶעם וֶועג, אוּנְד שְׁטַארְק דֵיינֶע לֶענְדֶען, מַאךְ דִיךְ גַאנְץ שְׁטַארְק׃

3 וָוארִין גָאט הָאט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט דִיא גְרוֹיסְקֵייט פוּן יַעֲקֹב אַזוֹי וִויא דִיא גְרוֹיסְקֵייט פוּן יִשְׂרָאֵל, וָוארִין דִיא אוֹיסְלֵיידִיגֶערְס הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעלֵיידִיגְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְדָארְבֶּען זֵייעֶרֶע צְוֵוייגֶען׃

4 דָאס שִׁילְד פוּן זֵיינֶע גִבּוֹרִים אִיז גֶעמַאכְט רוֹיט, דִיא חַיִל'ס־לֵייט זֶענֶען אָנְגֶעטְהוּן מִיט שַׁארְלַאךְ, דִיא רֵייט־וֶועגֶען וֶועלֶען זַיין מִיט פֵייעֶרִיגֶע פְלַאמֶען אִין דֶעם טָאג פוּן זֵיינֶע אָנְבְּרֵייטוּנְג, אוּנְד דִיא בּוּקְסֶען־בֵּיימֶער וֶועלֶען זִיךְ שָׁאקֶעלְן (אָדֶער צִיטֶערְן)׃

5 דִיא רֵייטְוֶועגֶען וֶועלֶען אַרוּמְלוֹיפֶען אִין דִיא גַאסֶען (וִויא מְשׁוּגָע), זֵייא וֶועלֶען זִיךְ אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערְן שְׁטוֹיסֶען אִין דִיא בְּרֵייטֶע גַאסֶען, זֵייא וֶועלֶען אוֹיסְזֶעהֶען אַזוֹי וִויא פְלַאמֶען, אוּנְד אַזוֹי וִויא דֶער בְּלִיץ וֶועלֶען זֵייא לוֹיפֶען׃

6 עֶר וֶועט גֶעדֶענְקֶען זֵיינֶע שְׁטַארְקֶע לֵייט, זֵייא וֶועלֶען שְׁטְרוֹיכְלֶען אוֹיף זֵייעֶר אַהִינְגֵיין, זֵייא וֶועלֶען זִיךְ אֵיילֶען

צוּ אִיהְרֶע מוֹיעֶר, אוּנְד זֵייעֶר שׁוּץ־
טַארֶעם װֶעט זַיין אָנְגֶעבְּרֵייט ׃
7 אוּנְד דִיא טוֹירֶען פוּן דִיא טַייכֶען
װֶעלֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט װֶערֶען, אוּנְד דֶער
פַּאלַאסְט װֶעט צוּגֵיין ׃
8 אוּנְד דִיא (מַלְכָּה) װָאס שְׁטֵייט
(דֶערְגֶעבֶּען) װֶעט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט װֶע־
רֶען אִין גָלוּת, אוּנְד אִיהְרֶע מֵיידֶען
װֶעלֶען זִיךְ פִּיהְרֶען אַזוֹי וִויא מִיט דֶעם
קוֹל פוּן טוֹיבֶּען, אוּנְד קְלַאפֶּעדִיג אוֹיף
זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער ׃
9 אָבֶּער נִינְוֵה אִיז וִויא פוּן אַלְטֶע
צֵייטֶען אַהֶער אַזוֹי וִויא אַ װַאסֶער־
טֵייךְ, דָאךְ זָאלֶען זֵייא עֶנְטְלוֹיפֶען,
בְּלֵייבּ שְׁטֵיין, בְּלֵייבּ שְׁטֵיין (שְׁרֵייעֶן
זֵייא), אָבֶּער קֵיינֶער קוּקְט זִיךְ נִיט
אוּם ׃
10 רוֹיבְּט זִילְבֶּער, רוֹיבְּט גָאלְד,
װָארִין עֶס אִיז קֵיין סוֹף צוּ זֵייעֶרֶע
אוֹצְרוֹת אוּנְד כָּבוֹד פוּן אַלֶע זֵייעֶרֶע
גְלוּסְטִיגֶע כֵּלִים ׃
11 זִיא אִיז גַאנְץ אוֹיסְגֶעלֵיידִיגְט אוּנְד
װִיסְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דָאס הַארְץ
צוּשְׁמֶעלְצְט, אוּנְד דִיא קְנִיעֶן שְׁלָאגֶען
צוּזַאמֶען, אוּנְד אִין אִיטְלִיכֶענְס לֶענְדֶען
אִיז אַ צִיטֶערְנִיס, אוּנְד אוֹיף דֶעם
פָּנִים פוּן אַלֶע זַאמֶעלְט זִיךְ אָן
שְׁװַארְצְקֵייט ׃
12 אַװוּ אִיז דִיא װְאוֹינוּנְג פוּן דִיא
לֵייבֶּען ? אָדֶער דֶער װֵיידֶע אָרְט פוּן
דִיא יוּנְגֶע לֵייבֶּען ? אַװוּ דֶער אַלְטֶער
לֵייבּ גֵייט אַרוּם אוּנְד אוֹיךְ וִויא דִיא
יוּנְגֶע לֵייבֶּען דָארְט װְאוֹינֶען, אוּנְד
קֵיינֶער דֶערְשְׁרֶעקְט זֵייא נִיט ?
13 דֶער לֵייבּ צוּרֵייסְט גֶענוּג פַאר
זֵיינֶע יוּנְגֶע לֵייבֶּען, אוּנְד עֶר דֶערְ־
װַארְגְט פַאר זֵיינֶע לֶעמְפֶּערְטֶען, אוּנְד
עֶר פְּלֶעגְט פוּל צוּ מַאכֶען דִיא לֶעכֶער
מִיט פֶערְצוּקוּנְג אוּנְד אוֹיךְ זֵיינֶע
הֵיילֶען מִיט פֶערְצוּקוּנְג ׃
14 װֶעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיר זָאגְט
יְהֹוָה צְבָאוֹת, אוּנְד אִיךְ װֶעל אָנְצִינְדֶען
אִיהְרֶע רֵייטְוָועגֶען מִיט אַ רוֹיךְ, אוּנְד
דֵיינֶע יוּנְגֶע לֵייבֶּען װֶעט דָאס שְׁװֶערְט
פֶערְדַארְבֶּען, אוּנְד אִיךְ װֶעל פֶערְטִילְ־
גֶען פוּן דֶעם לַאנְד דֵיינֶע פֶערְצוּקוּנְג,
אוּנְד דָאס קוֹל פוּן דֵיינֶע שְׁלוּחִים זָאל
נִיט מֶעהְר גֶעהֶערְט װֶערֶען ׃

## קאפיטעל ג

1 אוֹי װֵייא צוּ דֶער בְּלוּטִיגֶער שְׁטָאט !
זִיא אִיז אִים גַאנְצֶען פוּל מִיט לִיגֶען
אוּנְד רוֹיבֶּערֵייא, אוּנְד דָאס פֶערְצוּקְטֶע
טְהוּט זִיךְ נִיט אָפּ ׃
2 דָאס קוֹל פוּן דֶער פֵּייטְשׁ, אוּנְד
דָאס גֶערוֹיישׁ פוּן דֶעם רָאד, אוּנְד דָאס
גֶעשְׁרֵייא פוּן דֶעם פֶערְד, אוּנְד דִיא
שְׁפְּרִינְגֶערֵייא פוּן דִיא רֵייטְוָועגֶען ׃
3 דֶער רֵייטֶער הֵייבְּט אוֹיף בֵּיידֶעס
אַ בְּלִיצֶענְדֶעס שְׁװֶערְד אוּנְד אַ בְּלַאנְקֶען
שְׁפִּיז, אוּנְד דָא זֶענֶען פִיל פֶער־
װוּנְדֶעטֶע, אַ גְרוֹיסֶע מַאסֶע פְּגָרִים,
אוּנְד עֶס אִיז קֵיין עֶנְד פוּן זֵייעֶרֶע
טוֹיטֶע קֶערְפֶּער, אוּנְד זֵייא שְׁטְרוֹיכְלֶען
פוּן װֶעגֶען זֵייעֶרֶע (פִּילֶע טוֹיטֶע)
פְּגָרִים ׃
4 פוּן װֶעגֶען דֶעם פִּילֶען זְנוּת, פוּן
דֶער זוֹנָה מִיט אַ גוּטֶען חֵן, אוּנְד װָאס
אִיז אוֹיךְ אַ כִּישׁוּף מַאכֶערִין, אוּנְד
װָאס זִיא פֶערְקוֹיפְט פֶעלְקֶער דוּרְךְ
אִיהְר זְנוּת, אוּנְד מִשְׁפָּחוֹת דוּרְךְ אִיהְר
כִּישׁוּף ׃
5 װֶעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיר, זָאגְט
יְהֹוָה צְבָאוֹת, אוּנְד אִיךְ װֶעל אוֹיפְּ־
דֶעקֶען דִיא עֶקֶען פוּן דֵיינֶע קְלֵיידֶער

אויף

אויף דײַן פנים, אונד איך װעל װײַזען צו דיא גוים דײַנע נאַקעטהײט, אונד צו קעניגרײַכען דײַנע שאַנד׃

6 אונד איך װעל אויף דיר װאַרפען שמוץ אונד איך װעל דיך שענדליך מאַכען, אונד איך װעל דיך מאַכען אַזױ װיא מיסט׃

7 אונד עס װעט זײַן אַז איטליכער װאָס װעט דיך זעהען װעט פון דיר אַװעקלויפען, אונד זאָגען, נינוה איז פערװיסט, װער זאָל װעגען איהר קלאָגען? פון װאַנען זאָל איך זוכען צו דיר טרײסטערס?

8 ביזט דוא בעסער װיא נוא אמון, װאָס איז בעװאוינט בײא טײַכען װאַסער רינגס אַרום איהר, װאָס האָט איהרע מויערען פון ים צו ים׃

9 כוש אונד מצרים זענען געװעזען איהר שטאַרקהײט, אונד דאָס פאָלק האָט קײן ענד, פוט אונד לובים זענען געװעזען דײַנע העלפערס׃

10 אויך זיא איז געגאַנגען אין גלות אַרײַן אונד אין געפאַנגענשאַפט, אויך איהרע יונגע קינדער זענען צוהאַקט געװאָרען אַן דיא שפּיץ פון אַלע גאַסען, אונד איבער איהרע בּכבודע־לײַט האָבען זײא גורל געװאָרפען, אונד אַלע איהרע גרויסע לײַט זענען געבונדען געװאָרען אין קײטען׃

11 אונד אויך דוא זאָלסט שיכור זײַן, דוא זאָלסט זײַן בעהאַלטען, אונד דוא זאָלסט אויך זוכען שטאַרקהײט פון דײַנע פײַנד׃

12 אַלע דײַנע פעסטונגען װעלען זײַן אַזױ װיא פײַגענבײמער מיט זײערע פריה־צײַטיגע פּירות, װען מען שויי־קעלט זײא אַזױ פאַלען זײא אַרײַן אין דעם מויל פון דעם װאָס װיל עסען׃

13 זעה, דײַן פאָלק װאָס איז צװישען דיר זענען (נור) װײַבער, דיא טויערן פון דײַן לאַנד װעלען גאַנץ אויפגעמאַכט װערען צו דײַנע פײַנד, דײַנע ריגעלן װעט דאָס פײַער פערברענען׃

14 שעפּ דיר אָן װאַסער פאַר דיא בעלאַגערונג, מאַך דיר שטאַרק דײַנע פעסטונג, גײא אַרײַן אין דעם לײם אונד טרעט אונד מאַך דיר שטאַרק דעם ציגעל־אויפען׃

15 דאַרום װעט דיך דאָרט דאָס פײַער פערברענען, דאָס שװערט װעט דיך פערטילגען, דוא װעסט געפרעסען װערען װיא פון דעם הײשרעק ילק, דוא װעסט דיך אַזױ פיל מאַכען װיא דער הײשרעק ילק אונד אַזױ פיל װיא דער הײשרעק ארבה׃

16 אונד דוא האָסט געמעהרט דײַנע סוחרים מעהר װיא דיא שטערן פון דעם הימעל, אַזױ װיא דער הײשרעק שפּרײט זיך אויס אונד פליהט אַװעק׃

17 דײַנע געקרײנטע זענען אַזױ פיל װיא דיא הײשרעקען, אונד דײַנע (מלחמה) אָנפיהרערס, אַזױ װיא דער מין הײשרעק װאָס לאַגערן זיך אין צוימען אין דעם קאַלטען טאָג, אונד װען דיא זון גײט אויף אַזױ פליהען זײא אַװעק, אונד מען װײסט ניט זײער אָרט װאו זײא זענען׃

18 דײַנע הירטען (פאַסטוכער) זענען אײַנגעשלאָפען, אוי דוא מלך פון אשור, דײַנע שטאַרקע לײַט רוהען, דײַן פאָלק איז פערשפּרײט אויף דיא בערג אונד קײנער זאַמעלט זײא ניט אײַן׃

19 עֶס אִיז קֵיינֶע הֵיילוּנְג צוּ דֵיין
בְּרָאךְ, דֵיינֶע מַכָּה אִיז שְׁטַארְק, אַלֶע
וָואס הֶערֶען דֶערְפוּן קְלַאטְשֶׁען מִיט
דִיא הֶענְד אִיבֶּער דִיר, וָוארִין אִיבֶּער
וֶועמֶען אִיז נִיט דֵיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט
בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען ?

# חבקוק.

1 דִיא מַשָּׂא וָואס חֲבַקּוּק הַנָּבִיא הָאט
גֶעזֶעהֶען :
2 אוֹי גָאט, בִּיז וִויא לַאנְג זָאל אִיךְ
שְׁרֵייעֶן, אוּנְד דוּא וִוילְסְט נִיט הֶערֶען !
אִיךְ שְׁרֵייא צוּ דִיר וֶועגֶען דִיא רוֹיבֶּע־
רֵייא, אוּנְד דוּא וִוילְסְט נִיט הֶעלְפֶען :
3 פַארְוָואס וֵוייזְט דוּא מִיר אוּמְרֶעכְט,
אוּנְד דוּא מַאכְסְט מִיךְ זֶעהֶען מִידְגְקֵייט ?
אוּנְד רוֹיבוּנְג אוּנְד גְזֵלוֹת זֶענֶען פַאר
מִיר, אוּנְד דָא זֶענֶען דִיא וָואס הֵייבֶּען
אוֹיף קְרִיג אוּנְד שְׁטְרֵייט :
4 דַארִיבֶּער אִיז דִיא תּוֹרָה פֶּער־
שְׁוַואכְט, אוּנְד עֶס גֵייט אוֹיף אֵייבִּיג
נִיט אַרוֹיס אַ רֶעכְט מִשְׁפָּט, וָוארִין
דֶער רָשָׁע רִינְגֶעלְט אַרוּם דֶעם צַדִּיק,
דַארִיבֶּער גֵייט אַרוֹיס אַ פֶערְקְרוּמְט
מִשְׁפָּט :
5 זֶעהְט דָאךְ צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם, אוּנְד
קוּקְט, אוּנְד פֶערְוָואוּנְדֶערְט אֵייךְ אִים
גַאנְצֶען, עֶר וֶועט וֶוערְקֶען אַ וֶוערְק אִין
אֵיירֶע טֶעג, וָואס אִיהְר וֶועט נִיט
גְלוֹיבֶּען אַפִּילוּ וֶוען מֶען וֶועט עֶס צוּ
אֵייךְ דֶערְצֵיילֶען :
6 וָוארִין זֶעה, אִיךְ וֶועל אוֹיפְשְׁטֶעלֶען
דִיא כַּשְׂדִּים, דָאס בִּיטֶערֶע אוּנְד
גֶעשְׁוִוינְדֶע פָאלְק, וָואס וֶועט דוּרְכְגֵיין
דִיא בְּרֵייט פוּן דֶעם לַאנְד, אֵיינְצוּנֶעמֶען
דִיא וְואוֹינוּנְגֶען וָואס גֶעהֶערֶען נִיט צוּ
אִיהְם :
7 עֶס אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ אוּנְד פָארְכְטֶערְ־
לִיךְ, פוּן זֵייא אַלֵיין גֵייט אַרוֹיס זֵייעֶר
מִשְׁפָּט אוּנְד זֵיינֶע דֶערְהֵייבוּנְג :
8 זֵיירֶע פֶערְד זֶענֶען גֶעשְׁוִוינְדֶער וִויא
דִיא לֶעמְפֶּערְט׳ס, אוּנְד פִיל וִוילְדֶער
(שַׁארְפֶער) וִויא דִיא וֶועלְף וָואס פֶער־
שְׁפְּרֵייטֶען זִיךְ אוֹיף דֶער נַאכְט, אוּנְד
זֵיינֶע רֵייטֶער מֶעהְרֶען זִיךְ, אוּנְד זֵיינֶע
רֵייטֶער קוּמֶען אָן פוּן וֵוייטֶען, אָנְגֶע־
פְלוֹיגֶען אַזוֹי וִויא דִיא אָדְלֶערְס וָואס
אֵיילֶען זִיךְ צוּ עֶסֶען :
9 זֵייא וֶועלֶען אַלֶע קוּמֶען צוּ גַזְלֶען,
מִיט זֵייעֶר פָּנִים קֶעגֶען מִזְרַח־זֵייט,
אוּנְד וֶועלֶען אֵיינְזַאמֶעלְן גֶעפַאנְגֶענֶע
אַזוֹי וִויא זַאמְד :
10 אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיךְ שְׁפֶּעטֶען
אִיבֶּער מְלָכִים, אוּנְד אִיבֶּער דִיא הַארֶען
וֶועט עֶר לַאכֶען, עֶר וֶועט לַאכֶען
אִיבֶּער אִיטְלִיכֶע פֶעסְטוּנְג, עֶר וֶועט
אוֹיפְהֵייבֶּען שְׁטוֹיב אוּנְד עֶר וֶועט זֵיא
אֵיינְנֶעמֶען :
11 דֶענְסְטְמָאל וֶועלֶען זֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען
פֶערְוֶועקְסֶעלְט וֶוערֶען, אוּנְד עֶר וֶועט
אִיבֶּערְפָאהְרֶען אוּנְד עֶר וֶועט פֶערְ־
שׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען וַוייל עֶר וֶועט דֶעם

דָאזִיגֶען כּוֹחַ צוּרֶעכְנֶען צוּ זַיין גָאט׃
12 בִּיזְט דוּא דֶען נִיט פוּן אֵייבִּיגְקֵייט
אָן, אוֹי יְהוָֹה מֵיין גָאט, מֵיין הֵיילִיגֶער!
מִיר װעלֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען, אוֹי גָאט,
דוּא הָאסְט אִיהְם אָנְגֶעבְּרֵייט צוּם
מִשְׁפָּט! אוֹי דוּא שְׁטַארְקֶער פֶעלְז,
דוּא הָאסְט אִיהְם גֶעגְרִינְדֶעט (אָדֶער
פֶעסְט גֶעשְׁטֶעלְט) צוּם בֶּעשְׁטְרָאפֶען׃
13 דֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען דָאךְ צוּ רֵיין,
דָאס זֵייא זָאלֶען אָנְזֶעהֶען בֵּייזֶעס, אוּנְד
אוֹיף אוּמְגֶערֶעכְטֶע מַעֲשִׂים קֶענְסְט
דוּא נִיט קוּקֶען! פַארְװָאס קוּקְסְט דוּא
אוֹיף דִיא װָאס גֵייעֶן אוּם מִיט פַאלְשׁ־
קֵייט? זָאלְסְט דוּא דֶען שְׁװֵייגֶען װֶען
דֶער רָשָׁע שְׁלִינְגְט אֵיין דֶעם װָאס אִיז
גֶערֶעכְטֶער פוּן אִיהְם׃
14 אוּנְד מַאכְסְט דִיא מֶענְשֶׁען אַזוֹי
װִיא פִישׁ אִין דֶעם יַם, אוּנְד אַזוֹי װִיא
דִיא װִידְמוּנְג װָאס קֵיינֶער גֶעװֶעלְטִיגְט
נִיט אִיבֶּער זֵייא׃
15 עֶר בְּרֶענְגְט זֵייא אַלֶע אַרוֹיף מִיט
דֶער װֶענְדֶע (אַזוֹי װִיא מֶען חַאפְּט
פִישׁ), עֶר הָאט זֵייא גֶעשְׁלֶעפְּט אִין אַ
נֶעץ, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט
אִין דֶעם חַאפּ־נֶעץ, דַארִיבֶּער פְרֵייעֶט
עֶר זִיךְ אוּנְד אִיז לוּסְטִיג׃
16 דַארִיבֶּער זֶענֶען זֵייא מַקְרִיב צוּ
זֵיירֶע נֶעצֶען, אוּנְד רֵייכֶערְן צוּ זֵיירֶע
חַאפּ־נֶעצֶען, װָארִין דוּרְךְ זֵייא אִיז זַיין
חֵלֶק פֶעט, אוּנְד זַיין עֶסֶען אִיז אוֹיךְ
פֶעט׃
17 זָאל דֶער װָאס בְּרֶענְגְט אַרוֹיף
אוֹיף אַזאַ אֵיין אוֹפֶן אוֹיסְלֵיידִיגֶען זַיין
נֶעץ, אוּנְד בֶּעשְׁטֶענְדִיג פֶעלְקֶער דֶערְ־
שְׁלָאגֶען אוּנְד זִיךְ נִיט דֶערְבַּארְמֶען?

קאפּיטעל ב

1 אִיךְ װֶעל מִיךְ אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אוֹיף
מֵיינֶע הִיטוּנְג, אוּנְד אִיךְ װֶעל מִיךְ
אַנִידֶערְשְׁטֶעלֶען אוֹיף דִיא בֶּעלַאגֶערוּנְג,
אוּנְד אִיךְ װֶעל הִיטֶען כְּדֵי צוּ זֶעהֶען
װָאס עֶר װֶעט צוּ מִיר זָאגֶען, אוּנְד
װָאס אִיךְ זָאל עֶנְטְפֶערְן װֶען אִיךְ װֶעל
גֶעשְׁטְרָאפְט װֶערֶען׃
2 אוּנְד גָאט הָאט מִיר גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שְׁרֵייבּ אוֹיף
דָאס נְבִיאוּת אוּנְד מַאךְ עֶס דֵייטְלִיךְ
אוֹיף דִיא לוּחוֹת כְּדֵי דֶער װָאס װֶעט
לוֹיפֶען זָאל דָאס קֶענֶען גוּט לֵיינֶען
(אוּנְד פֶערְשְׁטֵיין)׃
3 װָארִין דָאס נְבוּאוֹת אִיז נָאךְ פַאר
אַ בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייט, אָבֶּער אַם עֶנְד
װֶעט עֶס רֶעדֶען דֵייטְלִיךְ אוּנְד װֶעט
קֵיין לִיגֶען זָאגֶען, חָאטְשֶׁע עֶר װֶעט
זִיךְ זוּימֶען, װַארְט דַארוֹיף, װָארִין עֶר
װֶעט גֶעװִיס קוּמֶען אוּנְד װֶעט נִיט
צוּרִיקְבְּלֵייבֶּען׃
4 זֶעה זֵיינֶע שְׁטָאלְצְהֵייט, זֵיינֶע זֶעלֶע
אִיז נִיט רֶעכְטְשַׁאפֶען אִין אִיהְם, אָבֶּער
דֶער צַדִּיק װֶעט דוּרְךְ זַיין גְלוֹיבֶּען
לֶעבֶּען׃
5 אוּנְד װֶען אוֹיךְ דוּרְךְ דֶעם װַיין אַ
מַאן װֶערְט פַאלְשׁ, עֶר װֶערְט אָנְגֶע־
צוּנְדֶען, (עֶר װֶערְט אַ בַּעַל גַאֲוָה) אוּנְד
בְּלֵייבְּט נִיט אִין דֶערְהֵיים, װֵייל עֶר
מַאכְט זַיין פֶערְלַאנְגֶען אַזוֹי בְּרֵייט װִיא
דֶער שְׁאוֹל, אוּנְד עֶר אִיז װִיא דֶער
טוֹיט, װָאס קֶען נִיט זַאט װֶערֶען, אוּנְד
עֶר הָאט צוּ זִיךְ אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אַלֶע
גוֹיִם, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זִיךְ אוֹיךְ
אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אַלֶע פֶעלְקֶער׃
6 װֶעלֶען נִיט אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע
קֶענֶען אִיהְם אוֹיפְהֵייבֶּען אַ מָשָׁל, אוּנְד
אַ שְׁפָּאט רֶעטְזֶעל, אוּנְד װֶעלֶען זָאגֶען,
אוֹי װֵייא צוּ אִיהְם װָאס פֶערְמֶעהְרְט

דָאס וָואס אִיז נִיט זַיין אֵייגֶען! בִּיז וִויא לַאנְג נָאךְ? אוּנְד צוּ דֶעם וָואס לֵייגְט אוֹיף זִיךְ אַ שְׁוֶוערֶע לַאסְט מִיט מַשְׁכָּנוֹת:

7 זָאלֶען דִיא נִיט פְּלֶעצְלִיךְ אוֹיפְשְׁטֵיין וָואס וֶועלֶען דִיךְ בֵּייסֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ דֶערְוֶועקֶען אוּנְד דִיךְ דֶער־שְׁרֶעקֶען, אַז דוּא זָאלְסְט זַיין צוּ זֵייא אַלְם רוֹיב?

8 וֵוייל דוּא הָאסְט בֶּערוֹיבְּט פִילֶע פֶעלְקֶער, אַזוֹי וֶועלֶען דִיךְ אַלֶע אִיבְּ־רִיגֶע פֶעלְקֶער בֶּערוֹיבֶּען, פוּן וֶועגֶען דֶעם בְּלוּט פוּן דִיא מֶענְשֶׁען, אוּנְד פוּן וֶועגֶען דִיא רוֹיבֶּערַייא פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד דִיא שְׁטָאט אוּנְד אַלֶע וָואס וְואוֹינֶען אִין אִיהְר:

9 אוֹי וֵוייא צוּ דֶעם וָואס אִיז גֵייצִיג צוּ גֶעווִינֶען שְׁלֶעכְטֶעס פַאר זַיין הוֹיז, אוּנְד אַז עֶר זָאל מַאכֶען זַיין נֶעסְט אִין דֶער הֵייךְ, כְּדֵי עֶר זָאל עֶס מַצִיל זַיין פוּן דֶער שְׁלֶעכְטֶער הַאנְד!

01 דוּא הָאסְט גֶעהַאלְטֶען אֵיינֶע עֵצָה פוּן שַׁאנְד צוּ דֵיין הוֹיז דוּרְךְ דֶעם פֶערשְׁנֵיידֶען פוּן פִילֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד דוּא הָאסְט קֶעגֶען דִיר אַלֵיין גֶעזִינְדִיגְט:

11 וָוארִין דֶער שְׁטֵיין שְׁרֵייעֶט אוֹיס פוּן דֶער וַואנְד, אוּנְד דֶער בַּאלְקֶען פוּן דֶעם הָאלְץ טְהוּט עֶנְטְפֶערְן:

12 אוֹי וֵוייא צוּ דֶעם וָואס בּוֹיעֶט אַ שְׁטָאט מִיט בְּלוּט, אוּנְד בְּרֵייט אָן אַ הוֹיפְּטשְׁטָאט מִיט אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט!

13 זֶעה, אִיז עֶס דֶען נִיט פוּן גָאט צְבָאוֹת דָאס דִיא פֶעלְקֶער זָאלֶען אַרְבֵּייטֶען אִין דֶעם פֵייעֶר, אוּנְד אַז דִיא פֶעלְקֶער זָאלֶען זִיךְ עֶרְמִידֶען אִין לֶעהְרְקֵייט (אָדֶער נַארִישְׁקֵייט):

14 וָוארִין דִיא עֶרְד וֶועט דֶערְפִילְט וֶוערֶען מִיט דֶערְקֶענְטֶענִיס פוּן דֶעם כָּבוֹד פוּן גָאט אַזוֹי וִויא דִיא וַואסֶערְן בֶּעדֶעקֶען דָאס יַם:

15 אוֹי וֵוייא צוּ דֶעם וָואס גֶעט זַיין חַבֶר צוּ טְרִינְקֶען, אוּנְד וָואס מַאכְט אִיהְם שִׁיכּוֹר מִיט דֶער צָארְנְפְלַאשׁ, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט קֶענֶען אָנְקוּקֶען זֵיירֶע נַאקֶעטְהֵייט!

16 דוּא בִּיזְט זַאט מִיט שַׁאנְד מֶעהְר וִויא מִיט כָּבוֹד, טְרִינְק דוּא אוֹיךְ אוּנְד זֵייא וִויא אֵיין עָרֵל, דָאס כּוֹס פוּן דֶער רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן גָאט וֶועט אוֹיף דִיר אוּמְגֶעקֶעהְרְט וֶוערֶען, אוּנְד שְׁפֵּייעֶכְץ פוּן שַׁאנְד וֶועט זַיין אִיבֶּער דֵיין כָּבוֹד:

17 וָוארִין דִיא גַזְלָנוּת פוּן לְבָנוֹן וֶועט דִיךְ בֶּעדֶעקֶען, אוּנְד דִיא רוֹיבּוּנְג פוּן דִיא בְּהֵמוֹת וֶועט דִיךְ דֶערשְׁרֶעקֶען, פוּן וֶועגֶען דֶעם מֶענְשֶׁענְ'ס בְּלוּט, אוּנְד דִיא רוֹיבֶּערַייא פוּן דֶעם לַאנְד אוּנְד פוּן דִיא שְׁטָאט, אוּנְד פוּן אַלֶע בֶּעוְואוֹינֶער אִין אִיהְר:

18 וָואס נִיצְט דָאס גֶעשְׁנִיצְטֶע בִּילְד צוּ דֶעם וָואס הָאט עֶס גֶעשְׁנִיצְט, אוּנְד דָאס גֶעגָאסֶענֶע בִּילְד, אוּנְד אַ לֶעהְרֶע פוּן לִיגֶען, אַז דֶער וָואס הָאט עֶס גֶעמַאכְט פֶערטְרוֹיעֶט דַארוֹיף, כְּדֵי זִיךְ צוּ מַאכֶען שְׁטוּמֶע גֶעטֶער?

19 אוֹי וֵוייא, צוּ דֶעם וָואס זָאגְט צוּ אַ שְׁטִיק הָאלְץ, דֶערְוֶועק דִיךְ, אוּנְד צוּ דֶעם שְׁטוּמֶען שְׁטֵיין, שְׁטֵייא אוֹיף, עֶר וֶועט אוּנְס לֶעהְרֶען! זֶעה, עֶס אִיז אִיבֶּערְצוֹיגֶען מִיט גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער, אָבֶּער עֶס אִיז גָאר קֵיין רוּחַ אִין אִיהְם:

20 אָבֶּער גָאט אִיז אִין זַיין הֵיילִיגֶען טֶעמְפֶּעל, לָאז דִיא גַאנְצֶע עֶרְד פַאר אִיהְם שְׁטִיל זַיין!

קאפּיטעל ג

1 אֵיין גֶעבֶּעט פוּן חֲבַקוּק הַנָבִיא,
אוֹיף שִׁגְיוֹנוֹת:
2 אוי גָאט, אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן
דֵיין שֵׁם, אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעפָאַרְכְטֶען,
אוי גָאט, מַאךְ דֵיין וֶוערְק ווִידֶער
אוֹיפְלֶעבֶּען אִין צְווִישֶׁען דִיא יָאהְרֶען,
אִין צְווִישֶׁען דִיא יָאהְרֶען זָאלְסְט דוּא
עֶס בֶּעקַאנְט מַאכֶען, אִין דֶעם צָארְן
גֶעדֶענְק דָאךְ דֶערְבַּארְמוּנְג!
3 גָאט אִיז גֶעקוּמֶען פוּן תֵּימָן, אוּנְד
דֶער הֵיילִיגֶער פוּן דֶעם בַּארְג פָּרָן,
סֶלָה! זֵיינֶע שֵׁיינְקֵייט בֶּעדֶעקְט דִיא
הִימֶעל אוּנְד זֵיין לוֹיבּ מַאכְט פוּל דִיא
עֶרְד:
4 אוּנְד זֵיין גְלַאנְץ אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי
ווִיא דָאס לִיכְט, אוּנְד פוּן זֵיינֶע הֶענְד
זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען שְׁטְרַאלֶען ווִיא
לִיכְט, אוּנְד דָארְט אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא בֶּעהַאלְטוּנְג פוּן זֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט:
5 פַאר אִיהְם אִיז גֶעגַאנְגֶען דִיא פֶּעסְט,
אוּנְד בְּרֶענֶענְדֶע קוֹילֶען גֵייעֶן אַרוֹיס
פַאר זֵיינֶע פִּיס:
6 עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט
גֶעמָאסְטֶען דִיא עֶרְד, עֶר זֶעהְט אוּנְד
עֶר לָאזְט דִיא פֶעלְקֶער פֶערְטְרֵייבֶּען,
אוּנְד דִיא אֵייבִּיגֶע בֶּערְג זֶענֶען צוּ־
שְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא אֵייבִּיגֶע
הוֹיכֶע בֶּערְג וֶוערֶען אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען, זֵיינֶע
וֶועגֶען זֶענֶען אוֹיף אֵייבִּיג:
7 אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא גֶעצֶעלְטֶער
פוּן כּוּשָׁן אוּנְטֶער שְׁטְרָאף, אוּנְד דִיא
פָארְהֶענְג פוּן דֶעם לַאנְד מִדְיָן צִיטֶערְן
פַאר אִיהְם:
8 טְהוּט דֶען גָאט צָארְנֶען אוֹיף דִיא
טֵייכֶען? אָדֶער אִיז דֵיין צָארְן אִיבֶּער
דִיא טֵייכֶען? אִיז דֵיין גְרִימְצָארְן אִיבֶּער
דֶעם יַם, דָאס דוּא רֵייטְסְט אוֹיף דֵיינֶע
פֶערְד, אוּנְד אוֹיף דֵיינֶע רֵייטְוֶועגֶען
פוּן הִילְף (יְשׁוּעָה)?
9 דֵין בּוֹיגֶען אִיז אִים גַאנְצֶען עֶנְט־
פְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, פוּן וֶועגֶען דִיא
שְׁבֻעוֹת וָואס דוּא הָאסְט צוּגֶעזָאגְט
צוּ דִיא שְׁבָטִים, סֶלָה! דִיא טֵייכֶען
הָאבֶּען גֶעשְׁפָּאלְטֶען דִיא עֶרְד:
10 דִיא בֶּערְג הָאבֶּען דִיךְ גֶעזֶעהֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעצִיטֶערְט, דִיא
אִיבֶּערְשְׁוֶועמוּנְג פוּן דֶעם וַואסֶער אִיז
אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, דֶער אָפְּגְרוּנְד הָאט
אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען זֵיין קוֹל, עֶר הָאט הוֹיךְ
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיינֶע הֶענְד:
11 דִיא זוּן אוּנְד דִיא לְבָנָה זֶענֶען
שְׁטִיל גֶעשְׁטַאנֶען אִין זֵייעֶר ווְאוֹינוּנְג,
נוּר בֵּייא דֶעם לִיכְט פוּן דֵיינֶע פֵיילֶען
זֶענֶען זֵייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד בֵּייא דֶעם
גְלַאנְץ פוּן דֵיין בְּלִיצֶענְדֶען שְׁפִּיז:
12 אִין דֶעם גְרִימְצָארְן הָאסְט דוּא
גֶעטְרֶעטֶען דָאס לַאנְד, אוּנְד מִיט צָארְן
הָאסְט דוּא גֶעדְרֶעשְׁט דִיא גוֹיִם:
13 דוּא בִּיזְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ
הֶעלְפֶען דֵיין פָאלְק, יוֹא, צוּ הֶעלְפֶען
דֵיין גֶעזַאלְבְּטֶען, דוּא הָאסְט גֶעוואוּנְדֶעט
דֶעם קָאפּ פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דֶעם
רָשָׁע, דוּא הָאסְט עֶנְטְפְּלֶעקְט דִיא
גְרוּנְדְפֶעסְט בִּיז צוּ דֶעם הַאלְז,
סֶלָה!
14 דוּא הָאסְט דוּרְכְגֶעשְׁלָאגֶען מִיט
זֵיין אֵייגֶענֶעם שְׁטֶעקֶען דֶעם קָאפּ פוּן
זֵיינֶע דָארְפְסְלֵייט, זֵייא הָאבֶּען גֶע־
שְׁטָארְמְט מִיךְ צוּ פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען, זֵייעֶרֶע
פְרֵייד אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי ווִיא דֶעם
אָרֶעמֶען אוֹיפְצוּפְרֶעסֶען אִין דֶעם פֶערְ־
בָּארְגֶענֶעם:
15 דוּא הָאסְט דִיר גֶעמַאכְט אֵיין וֶועג

פֿאַר דֵיינֶע פֶערְד אִין דֶעם יַם, דוּרְךְ
דֶעם הויפֶֿען פֿון פִֿילֶע וַואסֶערְן׃
16 אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט! אוּנְד מֵיין
בּויךְ הָאט גֶעצִיטֶערְט, פֿוּן וֶועגֶען דֶעם
קוֹל צִיטֶערְן מֵיינֶע לִיפֶּען, עֶס קוּמְט אַ
פֿוילוּנְג אִין מֵיינֶע בֵּיינֶער אוּנְד אִיךְ
צִיטֶער הִינְטֶער מִיר אַלֵיין, כְּדֵי אִיךְ
זָאל הָאבֶּען רוּהֶ אִין דֶעם טָאג פֿוּן
דֶער צָרָה, וֶוען עֶר קוּמְט אַרויף
קֶעגֶען דֶעם פָֿאלְק וֶועט עֶר קוּמֶען
מִיט זֵיינֶע חַיָילוֹת׃
17 חָאטְשֶׁע דֶער פֵֿייגֶענְבּוֹים טְהוּט
נִיט בְּלִיהֶען, אוּנְד וֶוען עֶס וֶועגֶען קֵיינֶע
פֵּירוֹת אויף דֶעם וֵויינשְׁטָאק, אוּנְד דִיא
אַרְבֵּייט אַן דֶעם אֵיילְבֶּערְט־בּוֹים וֶועט
פֶֿעהְל שְׁלָאגֶען, אוּנְד דִיא פֶֿעלְדֶער
וֶועלֶען אויךְ קֵיין עֶסֶען מַאכֶען
(וַואקְסֶען), אוּנְד וֶוען דִיא שָׁאף פֿוּן
דֶעם שְׁטַאל זֶענֶען אויךְ פֶֿערשְׁנִיטֶען,
אַז עֶס זָאלֶען קֵיינֶע רִינְדֶער נִיט זֵיין
אִין דֶעם שְׁטַאל׃
18 דָאךְ וֶועל אִיךְ מִיךְ דֶערפְֿרֵייעֶן
אִין גָאט, אִיךְ וֶועל פְֿרֵייליךְ זֵיין אִין
דֶעם גָאט פֿוּן מֵיינֶע הִילְף׃
19 דֶער הַאר גָאט אִיז מֵיינֶע שְׁטַארְקְ־
הֵייט, אוּנְד עֶר וֶועט מַאכֶען מֵיינֶע
פִֿיס אַזוֹי וִויא דִיא אִינְדֶען, אוּנְד עֶר
וֶועט מִיךְ מַאכֶען טְרֶעטֶען אויף מֵיינֶע
הויכֶע עֶרְטֶער. צוּ דֶעם זִינְגֶער אויף
נְגִינוֹת׃

# צפניה.

1 דָאס וָוארְט פֿוּן גָאט וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען צוּ צְפַנְיָה זוּהְן פֿוּן כּוּשִׁי, זוּהְן
פֿוּן גְדַלְיָה, זוּהְן פֿוּן אֲמַרְיָה זוּהְן פֿוּן
חִזְקִיָה, אִין דִיא טֶעג פֿוּן יֹאשִׁיָהוּ זוּהְן
פֿוּן אָמוֹן קֶענִיג פֿוּן יְהוּדָה׃
2 אִיךְ וֶועל אִים גַאנְצֶען פֶֿערְטִילְגֶען
אַלֶעס פֿוּן דֶער עֶרְד זָאגְט גָאט׃
3 אִיךְ וֶועל פֶֿערְטִילְגֶען מֶענְשֶׁען אוּנְד
בְּהֵמוֹת, אִיךְ וֶועל פֶֿערְטִילְגֶען דִיא
פֵֿייגֶעל פֿוּן דֶעם הִימֶעל אוּנְד דִיא
פִֿישׁ פֿוּן דֶעם וַואסֶער, אוּנְד דִיא
שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען מִיט דִיא רְשָׁעִים, אוּנְד
אִיךְ וֶועל פֶֿערשְׁנֵיידֶען דִיא מֶענְשֶׁען
פֿוּן פַֿאר דֶעם לַאנְד, זָאגְט גָאט׃
4 אוּנְד אִיךְ וֶועל אויסשְׁטְרֶעקֶען
מֵיינֶע הַאנְד אִיבֶּער יְהוּדָה, אוּנְד
אִיבֶּער אַלֶע אֵיינוואוינֶער פֿוּן יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶֿערשְׁנֵיידֶען פֿוּן דֶעם
דָאזִיגֶען אָרְט דָאס אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע
פֿוּן דֶעם בַּעַל, אוּנְד דֶעם נָאמֶען פֿוּן
דִיא כּוּמְרִים מִיט דִיא כּוֹהֲנִים׃
5 אוּנְד דִיא וָואס בִּיקֶען זִיךְ אויף
דִיא דֶעכֶער צוּ דִיא חַיָילוֹת פֿוּן דֶעם
הִימֶעל, אוּנְד וָואס בִּיקֶען זִיךְ אוּנְד
שְׁוֶוערֶען בֵּייא גָאט, אוּנְד וָואס
שְׁוֶוערֶען אויךְ בֵּייא מַלְכָּם׃
6 אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען אַוֶועקְגֶע־
קֶעהְרְט פֿוּן הִינְטֶער גָאט, אוּנְד דִיא
וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעזוּכְט גָאט אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם אויךְ נִיט גֶעפְֿרֶעגְט׃

7 זייא שטיל פאר דעם האר גאט,
וואָרין דער טאָג פון גאט איז נאָהענט,
ווייל גאט האָט אָנגעגרייט קרבנות,
ער האָט געהייליגט זיינע גערופענע
(געסט)׃
8 אונד עס וועט זיין אין דעם טאָג
פון דעם קרבן פון גאט, אַזוי וועל
איך ברענגען שטראָף איבער דיא
פירשטען אונד איבער דיא זוהן פון
דעם מלך, אונד איבער אַלע וואָס
טהון אָן פרעמדע קליידער׃
9 אין דעמזעלביגען טאָג וועל איך אויך
בעשטראָפען אַלע וואָס שפּרינגען
אויף דיא שוועל, אונד וואָס טהון
אָנפילען דיא הייזער פון זייערע האַרען
מיט רויבערייא אונד פאַלשקייט׃
10 אונד עס וועט זיין אין דעמע־
זעלביגען טאָג אַזוי וועט זיין אַ גרויס
געשרייא פון דעם פיש טויער, אונד
אַ קלאָג פון דעם אַנדערן (טויער),
אונד אַ גרויסער בראָך פון דיא הויכע
בערג׃
11 קלאָגט איהר בעוואוינער פון
מכתש, וואָרין אַלע סוחרים פון דעם
פאָלק זענען אומגעקומען, אַלע וואָס
האָבען געטראָגען דיא משא פון זילּ־
בער זענען פערשניטען געוואָרען׃
12 אונד עס וועט זיין אין דערזעלּ־
ביגער צייט אַזוי וועל איך ירושלים
אויסזוכען מיט ליכט, אונד איך וועל
בעשטראָפען דיא לייט וואָס זענען
צופרידען מיט זייערע הייבען, אונד
וואָס זאָגען אין זייער האַרץ, גאט
וועט קיין גוטעס ניט טהוּן, אונד אויך
קיין שלעכטעס׃
13 דאַרום וועט זייער פערמעגען
זיין צו אַ רויבונג, אונד זייערע הייזער
וועלען וויסט ווערען, זייא וועלען
בויען הייזער, אָבער זייא וועלען זייא
ניט בעוואוינען, זייא וועלען פלאַנצען
וויינגערטען, אָבער זייא וועלען ניט
טרינקען דעם וויין דערפון׃
14 דער גרויסער טאָג פון גאט איז
נאָהענט—ער איז נאָהענט, אונד וועט
גאַנץ געשווינד אָנקומען, יוא דאָס קול
פון דעם טאָג פון גאט, דיא שטאַרקע
וועלען דאָרט ביטערליך שרייען׃
15 דערזעלביגער טאָג איז אַ טאָג פון
צאָרן, אַ טאָג פון צרות אונד ענג־
שאַפט, אַ גאַנץ פערוויסטער טאָג,
אַ טאָג פון פינסטערניס אונד טונ־
קעלהייט, אונד אַ טאָג פון וואָלקען
אונד דיקע פינסטערניס׃
16 אַ טאָג פון שופר בלאָזען אונד
שאַל איבער דיא פעסטע שטעט, אונד
איבער דיא הויכע טורמען׃
17 אונד איך וועל ברענגען צרות
איבער דיא מענשען, אונד זייא וועלען
אַרומגיין אַזוי וויא בלינדע, ווייל זייא
האָבען געזינדיגט קעגען גאט, אונד
זייא האָבען פערגאָסען בלוט אַזוי וויא
שטויב, אונד זייער פלייש וויא מיסט׃
18 זייער גאָלד אונד זייער זילבער
וועט זייא ניט קענען מציל זיין אין
דעם טאָג פון דעם צאָרן פון גאט,
נייערט דאָס גאַנצע לאַנד וועט פער־
ברענט ווערען דורך דעם פייער פון
זיינע קנאה, וואָרין ער וועט מאַכען אַ
גאַנצעס געשווינדעס ענד מיט אַלע
בעוואוינער פון דעם לאַנד׃

## קאפיטעל ב

1 קלויבט אייך צוזאַמען, אונד פער־
זאַמעלט אייך, אוי איהר פעראַכטעט
פאָלק׃

2 אײדער דאָס געזעץ װעט אױף
אײך נגזר װערען, אײדער דער טאָג
גײט איבער אַזױ װיא שטרױ (פּלעװע),
אײדער דער טאָג פון דעם גרימצאָרן
פון גאָט איז נאָך ניט איבער אײך
אָנגעקומען, יאָ, אײדער דער טאָג פון
גאָט'ס צאָרן איז נאָך ניט איבער
אײך אָנגעקומען:
3 זוכט גאָט, אױ אַלע איהר דעמי־
טיגע פון דעם לאַנד, װאָס איהר האָט
געטהון זײנע משפּטים, זוכט גערעכ־
טיגקײט, זוכט ענוה, טאָמער װעט
איהר בעהאַלטען װערען אין דעם טאָג
פון גאָט'ס צאָרן:
4 װאָרין עזה װעט זײן פערלאָזען,
אונד אַשקלון װעט פערװיסט װערען,
אַשדוד װעט אין מיטען טאָג פער־
טריבען װערען, אונד עקרון װעט
אױסגעריסען װערען:
5 אױ װײא צו דיא אײנװאױנער בײא
דעם באָרטען פון דעם ים, אױ דוּא
פאָלק כּרתים! דאָס װאָרט פון גאָט
איז קעגען אײך, אױ כּנען, דאָס לאַנד
פון דיא פּלשתּים, װאָרין איך װעל דיך
פערטילגען, כּדי עס זאָלען קײנע
אײנװאױנער ניט אין דיר זײן:
6 אונד דער באָרטען פון דעם ים
װעט זײן פאַר װאױנונגען פון דיא
פאַסטוכער, מיט גרובען אונד שטאַלען
פאַר דיא שאָף:
7 אונד דער באָרטען װעט זײן פאַר
דיא איבערבלײבונג פון דעם הױז־
געזינד פון יהודה פאַר זײא, כּדי זיך
צו װײדען, זײא װעלען זיך אַנידער־
לײגען אױף דער נאַכט אין דיא הײזער
פון אַשקלון, װאָרין יהוה זײער גאָט
װעט אַן זײא געדענקען, אונד ער װעט
אומקעהרען זײערע געפאַנגענשאַפט:
8 איך האָב געהערט דיא חרפּה פון
מואָב, אונד דיא לעסטערונג פון דיא
בני־עמון, מיט װעלכע זײא האָבען
געשענדעט מײן פאָלק, אונד זײא
האָבען זײערע גרענעצען פערגרעסערט:
9 דאַרום, אַזױ װאָהר װיא איך לעב
זאָגט גאָט צבאות, דער גאָט פון
ישראל, װאָרין מואָב װעט זײן אַזױ
װיא סדום, אונד דיא בני־עמון אַזױ
װיא עמורה, אַזױ װיא דיא אױס־
שפּרײטונג פון דערנער אונד זאַלץ־
גרובען, אונד אײנע אײביגע פער־
װיסטונג, דיא איבערבלײבונג פון מײן
פאָלק זאָל זײא בערױבען, אונד דיא
איבריגע פעלקער װעלען זײא ירשנ'ן:
10 דאָס דאָזיגע װעלען זײא האָבען
פאַר זײערע גאװה, װײל זײא האָבען
געלעסטערט אונד זיך גרױס געמאַכט
קעגען דעם פאָלק פון יהוה צבאות:
11 גאָט װעט זײן פערכטערליך קעגען
זײא, װאָרין ער װעט מאָגער (אָדער
שלאַף) מאַכען אַלע געטער פון דער
ערד, אונד צו איהם װעט זיך בוקען
איטליכער מענש פון זײן אָרט, יאָ,
אַלע אינזעלן פון דיא פעלקער:
12 אױך איהר כּושים, איהר װעט
דערשלאָגען װערען דורך מײן שװערט:
13 אונד ער װעט אױסשטרעקען
זײנע האַנד קעגען צפון, אונד ער
װעט פערטילגען אשור, אונד ער װעט
נינוה װיסט מאַכען, יאָ אַזױ װיסט װיא
דיא מדבר:
14 אונד סטאַדעס װעלען זיך אַני־
דערלײגען אין איהר מיטען, אַלע
חיות פון דיא פעלקער, אונד אױך
דיא פײגעל קאָאַת אונד קפּוד װעלען

אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען אִין אִיהְרֶע (אוֹיבֶּערְר־
שְׁטֶע זֵיילֶען) דֶערְבֶּער, זֵייעֶר קוֹל וֶועט
זִינְגֶען אִין דִיא פֶּענְסְטֶער, פֶּערְוִויסְטוּנְג
אִיז (שׁוֹין) אוֹיף דֶער שְׁוֶועל, וָוארִין
אִיהְרֶע טֶענֶען־בֵּיימֶער בַּאלְקֶען וֶועלֶען
עֶנְטְפְּלֶעקְט (אוֹיסְגֶערִיסֶען) וֶוערֶען :
15 דָאס אִיז דִיא פְרֵיילִיכֶע שְׁטָאט
וָואס הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין זִיכֶערְהֵייט,
אוּנְד וָואס הָאט גֶעזָאגְט אִין אִיהְר
הַארְץ אִיךְ בִּין עֶס, אוּנְד חוּץ מִיר אִיז
קֵיינֶע אַנְדֶערֶע ! אָבֶּער וִויא אִיז זִיא
פֶּערְוִויסְט גֶעוָוארֶען, אַ הוֹיעֶרוּנְג פַאר
חַיוֹת ! אַלֶע וָואס גֵייעֶן דוּרְךְ אִיהְר
שְׁפָּאטֶען, שָׁאקֶעלְן מִיט זֵייעֶרֶע הַאנְד :

קאפּיטעל ג

1 אוֹי וֵויא צוּ דִיא שְׁמוּצִיגֶע אוּנְד
אֵיינְגֶערִיכְטֶע, אַ שְׁטָאט פוּן בֶּער־
דְרִיקוּנְג :
2 זִיא הָאט נִיט גֶעהָארְכְט צוּ דֶעם
קוֹל, זִיא הָאט נִיט אָנְגֶענוּמֶען מוּסָר,
זִיא הָאט נִיט פֶּערְטְרוֹיעֶט אוֹיף גָאט,
אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ נִיט גֶענֶעהֶנְט צוּ
אִיהְר גָאט :
3 אִיהְרֶע פֶּערְשְׁטֶען צְווִישֶׁען אִיהְר
זֶענֶען וִויא שְׁרֵייעֶנְדֶע לֵייבֶען, אִיהְרֶע
שׁוֹפְטִים זֶענֶען וִויא נַאכְט וֶועלֶעף,
זֵייא לָאזֶען נִיט אַמָאל אִיבֶּער דִיא
בֵּיינֶער בִּיז צוּ מָארְגֶען :
4 אִיהְרֶע נְבִיאִים זֶענֶען לֵייכְטזִינִיג
אוּנְד פַאלְשֶׁע מֶענְשֶׁען, אִיהְרֶע כּוֹהֲנִים
פֶּערְשְׁוֶועכֶען (זֶענֶען מְחַלֵל דָאס בֵּית
הַמִקְדָשׁ) זֵייא הָאבֶּען אַוֶועקְגֶערוֹיבְּט
דִיא תּוֹרָה :
5 דֶער גֶערֶעכְטֶער גָאט אִיז צְווִישֶׁען
אִיהְר, עֶר טְהוּט נִיט קֵיין אוּמְרֶעכְטֶס,
אִיטְלִיכֶען מָארְגֶען בְּרֶענְגְט עֶר זֵיינֶע
מִשְׁפָּטִים צוּם לִיכְט, אוּנְד עֶס וֶוערְט
נִיט גֶעמִינֶערְט, אָבֶּער דִיא וָואס טְהוּעֶן
אוּמְרֶעכְט קֶענֶען נִיט קֵיינֶע בּוּשָׁה :
6 אִיךְ הָאבּ פֶערְטִילְגְט פֶעלְקֶער,
זֵייעֶרֶע טוּרְמֶען זֶענֶען וִויסְט, זֵייעֶרֶע
גַאסֶען הָאבּ אִיךְ חָרוּב גֶעמַאכְט דָאס
קֵיינֶער גֵייט דוּרְךְ, זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט
זֶענֶען פֶּערְוִויסְט, אָהְן מֶענְשֶׁען אוּנְד
אָהְן אֵיינְוְואוֹינֶער :
7 אִיךְ הָאבּ מִיר גֶעטְרַאכְט, דוּא
וֶועסְט מִיךְ גֶעווִיס פָארְכְטֶען, דוּא
וֶועסְט אָנְנֶעמֶען מוּסָר, כְּדֵי זֵייעֶר
וְואוֹינוּנְג זָאל נִיט פֶערְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען,
אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעדֶענְקְט
אִיבֶּער אִיהְר (צוּ שְׁטְרָאפֶען), אָבֶּער
זֵייא זֶענֶען פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען פֶערְדָארְבֶּען אַלֶע זֵייעֶרֶע
מַעֲשִׂים :
8 דַארוּם וַוארְטֶעט דָאךְ אוֹיף מִיר,
זָאגְט גָאט, בִּיז צוּ דֶעם טָאג וֶוען אִיךְ
וֶועל אוֹיפְשְׁטֵיין צוּם רוֹיבּ, וָוארִין מֵיין
מִשְׁפָּט אִיז צוּ פֶערְזַאמֶעלְן דִיא גוֹיִם,
אֵיינְצוּזַאמֶעלְן דִיא קֶענִיגְרֵייכֶען כְּדֵי
אִיבֶּער זֵייא אוֹיסְצוּגִיסֶען מֵיין צָארְן,
דֶעם גַאנְצֶען גְרִימְצָארְן, וָוארִין דִיא
גַאנְצֶע עֶרְד וֶועט פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען
מִיט דֶעם פֵייעֶר פוּן מֵיינֶע קִנְאָה :
9 וָוארִין דֶענְסְטְמָאל וֶועל אִיךְ אוּמְ־
קֶעהְרֶען צוּ דִיא פֶעלְקֶער אַ רֵיין
לָשׁוֹן, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אַלֶע אָנְרוּפֶען
אִין דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט, אוּנְד זָאלֶען
אִיהְם דִינֶען אִין אֵיינֶע חֲבוּרָה :
10 פוּן יֶענֶער זֵייט טֵייךְ פוּן כּוּשׁ,
וֶועלֶען מֵיינֶע אָנְבֶּעטֶער, דִיא טֶעכְטֶער
פוּן מֵיינֶע צוּשְׁפְּרֵייטֶע בְּרֶענְגֶען מֵיינֶע
מַתָּנָה :
11 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועסְט דוּא
נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען פוּן וֶוענֶען

אלע

אַלֶע דֵיינֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים מִיט װָאס
דוּא הָאסְט גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען מִיר,
װָארִין דֶענְסְטמָאל װֶעל אִיךְ אַװֶעקְ־
נֶעמֶען פוּן צְװִישֶׁען דִיר אַזָאלְכֶע װָאס
הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְרֵייט װֶעגֶען דֵיינֶע
שְׁטָאלְצְהֵייט, אוּנְד דוּא װֶעסְט נִיט
מֶעהְר הוֹיכְמִיטִיג זֵיין אוֹיף מֵיין
הֵיילִיגֶען בַּארְג׃
12 אוּנְד אִיךְ װֶעל אִין צְװִישֶׁען דִיר
אִיבֶּערְלָאזֶען, אֵיין אָרֶעמֶעס אוּנְד
עֶלֶענְדֶעס פָאלְק, אָבֶער זֵייא װֶעלֶען
פֶערטְרוֹיעֶן אִין דֶעם נָאמֶען פוּן
גָאט׃
13 דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע אִין יִשְׂרָאֵל
װעלֶען קֵיין אוּמְרֶעכְט טְהוּן, אוּנְד זֵייא
װעלֶען קֵיינֶע לִיגֶען זָאגֶען, אוּנְד
עֶס װֶעט אוֹיךְ נִיט אִין זֵייעֶר מוֹיל
גֶעפִינֶען װֶערֶען אַ פַאלְשֶׁע צוּנְג,
נֵייעֶרְט זֵייא װֶעלֶען זִיךְ פַּאשֶׁען אוּנְד
אַנִידֶערְלֵייגֶען אוּנְד קֵיינֶער װֶעט זֵייא
נִיט דֶערְשְׁרֶעקֶען׃
14 זִינְג, אוֹי דוּא טָאכְטֶער פוּן צִיוֹן!
שְׁרֵייא אוֹיס אוֹי יִשְׂרָאֵל, פְרֵייא דִיךְ
אוּנְד זֵייא פְרֵיילִיךְ מִיט דֵיין גַאנְצֶען
הַארְץ, דוּא טָאכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם׃
15 גָאט הָאט אַװֶעקְגֶעטְהוּן דֵיינֶע
שְׁטְרָאפְגֶערִיכְט, עֶר הָאט אַװֶעקְגֶע־
קֶעהְרְט דֵיינֶע פֵיינְד, דֶער מֶלֶךְ פוּן
יִשְׂרָאֵל, יְהֹוָה (אַלֵיין) אִיז צְװִישֶׁען דִיר,
דוּא זָאלְסְט נִיט מֶעהְר זֶעהֶען קֵיין
שְׁלֶעכְטֶעס׃

16 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג װֶעט מֶען
זָאגֶען צוּ יְרוּשָׁלַיִם, דוּא זָאלְסְט נִיט
קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען, אוּנְד צוּ צִיוֹן,
לָאזֶען דֵיינֶע הֶענְד נִיט שְׁלַאף װֶערֶען׃
17 יְהֹוָה דֵיין גָאט װָאס אִיז צְװִישֶׁען
דִיר, אִיז שְׁטַארְק צוּ הֶעלְפֶען, עֶר
װֶעט זִיךְ אִיבֶּער דִיר פְרֵייעֶן מִיט אַ
שִׂמְחָה, עֶר װֶעט שְׁװֵייגֶען פוּן װֶעגֶען
זֵיינֶע לִיבְּשַׁאפְט, עֶר װֶעט זִיךְ אִיבֶּער
דִיר פְרֵייעֶן מִיט גֶעזַאנְג׃
18 דִיא װָאס זֶענֶען טְרוֹיעְרִיג פוּן
װֶעגֶען דִיא יָמִים טוֹבִים װֶעל אִיךְ
אֵיינְזַאמֶעלְן, דִיא װָאס זֶענֶען פוּן דִיר,
אִיהְר מַשָׂא אִיז גֶעװֶעזֶען אַ חֶרְפָּה׃
19 זֶעה, אִין דֶערְזֶעלְבִּיגֶע צֵייט װֶעל
אִיךְ אַזוֹי טְהוּן צוּ אַלֶע דֵיינֶע פֵיינִי־
גֶערִם, אוּנְד אִיךְ װֶעל הֶעלְפֶען דִיא
װָאס אִיז הִינְקֶעְרְדִיג, אוּנְד אִיךְ װֶעל
אֵיינְזַאמֶעלְן דִיא פֶערשְׁטוֹיסֶענֶע, אוּנְד
אִיךְ װֶעל זֵייא מַאכֶען צוּ אַ לוֹיבּ,
אוּנְד צוּ אַ (גוּטֶען) שֵׁם אִין אַלֶע
לֶענְדֶער װוּ זֵייא זֶענֶען פֶערְשֶׁעמְט
גֶעװֶעזֶען׃
20 אִין דֶערְזֶעלְבִּיגֶער צֵייט װֶעל אִיךְ
אֵייךְ (צוּרִיק) בְּרֶענְגֶען, אוּנְד אִין דֶער
צֵייט װֶעל אִיךְ אֵייךְ זַאמֶעלְן, װָארִין
אִיךְ װֶעל מַאכֶען אֵייעֶר נָאמֶען פַאר
אַ לוֹיבּ אוּנְטֶער אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן
דִיא עֶרְד, װֶען אִיךְ װֶעל צוּרִיקבְּרֶענְגֶען
אֵיירֶע גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פַאר אֵיירֶע
אוֹיגֶען, זָאגְט יְהֹוָה׃

# חגי.

1 אִין דֶעם צְווייטֶען יָאהר פוּן דָרְיָוֶשׁ
הַמֶלֶךְ, אִין דֶעם זֶעקְסְטֶען חוֹדֶשׁ, אִין
דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן חוֹדֶשׁ, אִיז
דָאס וָוארְט פוּן גָאט גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ
חַגַי הַנָבִיא צוּ זְרֻבָּבֶל זוּהְן פוּן
שְׁאַלְתִּיאֵל, דֶער בֶּעפֶעהְלֶער אִיבֶּער
יְהוּדָה, אוּנְד צוּ יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן פוּן
יְהוֹצָדָק דֶער כּוֹהֵן הַגָדוֹל, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען:
2 אַזוֹי זָאגְט גָאט צְבָאוֹת, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק זָאגֶען, דִיא
צֵייט אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען דָאס הויז
פוּן גָאט אוֹיפְצוּבּוֹיעֶן:
3 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז
גֶעקוּמֶען דוּרְךְ חַגַי הַנָבִיא, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען:
4 אִיז עֶס צֵייט פַאר אֵייךְ, אַז אִיהְר
זָאלְט ווֹאוינֶען אִין הֵייזֶער בֶּעדֶעקְט
מִיט בַּאלְקֶען, אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע בֵּית
הַמִקְדָשׁ אִיז חָרוּב?
5 אוּנְד אַצוּנְד אַזוֹי זָאגְט גָאט צְבָאוֹת,
(טְהוּט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער צוּ) בֶּעטְרַאכְט
אֵייעֶרֶע וֶועגֶען:
6 אִיהְר הָאט גֶעזֵייעֶט פִּיל, אָבֶּער
אִיהְר הָאט וֵויינִיג תְּבוּאוֹת, אִיהְר עֶסְט
אָבֶּער אִיהְר וֶוערְט נִיט זַאט, אִיהְר
טְרִינְקְט אָבֶּער אִיהְר וֶוערְט נִיט
אָנְגֶעטְרוּנְקֶען, אִיהְר קְלֵיידֶעט אֵייךְ אָן
אָבֶּער קֵיינֶער וֶוערְט וַוארְם, אוּנְד דֶער
וָואס קְרִיגְט שׂוֹין זֵיין שְׂכִירוּת דֶער
בִּינְד זֵיין שְׂכִירוּת אֵיין אִין אַ לֶעכֶערְ־
דִיגֶען בֵּייטֶעל:
7 אַזוֹי זָאגְט גָאט צְבָאוֹת, טְהוּט
אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער אוֹיף אֵייעֶרֶע וֶועגֶען:
8 גֵייט אַרוֹיף אוֹיף דֶעם בַּארְג, אוּנְד
בְּרֶענְגְט הָאלְץ, אוּנְד בּוֹיעֶט דָאס
הויז, אוּנְד אִיךְ וֶועל הָאבֶּען אַ
ווֹאוילְגֶעפַאלֶען דַארִין, אוּנְד אִיךְ וֶועל
דַארוּרְךְ הָאבֶּען כָּבוֹד, זָאגְט גָאט:
9 אִיהְר הָאט אֵייךְ גֶעקֶעהְרְט צוּ פִּיל,
אוּנְד זֶעה עֶס אִיז וֵויינִיג גֶעוָוארֶען,
אוּנְד וֶוען אִיהְר הָאט עֶס אַהֵיימְ־
גֶעבְּרֶענְגְט אַזוֹי הָאבּ אִיךְ דַארוֹיף
גֶעבְּלָאזֶען, פַאר וָואס? זָאגְט יְהֹוָה
צְבָאוֹת, וֵוייל מֵיין הויז וָואס אִיז חָרוּב,
אוּנְד אִיהְר לוֹיפְט אִיטְלִיכֶער צוּ זֵיין
הויז:
10 דַארוּם הָאבֶּען דִיא הִימֶעלְן אִיבֶּער
אֵייךְ אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ גֶעבֶּען טוֹיא,
אוּנְד דִיא עֶרְד הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ
גֶעבֶּען אִיהְר גֶעוֶועקְס:
11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶערוּפֶען אַ
טְרוּקֶענְהֵייט אִיבֶּער דֶער עֶרְד, אוּנְד
אִיבֶּער דִיא בֶּערְג, אוּנְד אִיבֶּער דָאס
קָארְן, אוּנְד אִיבֶּער דֶעם וויין, אוּנְד
אִיבֶּער דֶעם אֵייל, אוּנְד אִיבֶּער דֶעם
וָואס דִיא עֶרְד בְּרֶענְגְט אַרוֹיס, אוּנְד
אִיבֶּער מֶענְשֶׁען אוּנְד אִיבֶּער בְּהֵמוֹת,
אוּנְד אִיבֶּער אַלֶערְלֵייא אַרְבֵּייט פוּן
דִיא הֶענְד:
12 אַזוֹי הָאבֶּען זְרוּבָּבֶל דֶער זוּהְן פוּן
שְׁאַלְתִּיאֵל, אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן פוּן
יְהוֹצָדָק דֶער כּוֹהֵן הַגָדוֹל, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע אִיבְּרִיגֶע פָאלְק גֶעהָארְכְט צוּ
דֶעם קוֹל פוּן יְהֹוָה זֵייעֶר גָאט, אוּנְד
צוּ דִיא וֶוערְטֶער פוּן חַגַי הַנָבִיא, אַזוֹי

ווִיא יְהוָֹה זֵייעֶר נָאט הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר נָאט :

13 אוּנְד חַגַי דֶער שָׁלִיחַ פוּן נָאט הָאט גֶעזָאגְט, דוּרְךְ דֶעם שְׁלִיחוּת פוּן נָאט צוּ דֶעם פָאלְק, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיךְ בִּין מִיט אֵייךְ, זָאגְט נָאט :

14 אוּנְד נָאט הָאט דֶערְוֶועקְט דֶעם רוּחַ פוּן זְרוּבָבֶל זוּהְן פוּן שְׁאַלְתִּיאֵל, דֶער בֶּעפֶעהְלֶער פוּן יְהוּדָה, אוּנְד דֶעם רוּחַ פוּן יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן פוּן יְהוֹצָדָק דֶעם כּוֹהֵן הַגָדוֹל, אוּנְד דֶעם רוּחַ פוּן דֶעם גַאנְצֶען אִיבְּרִיגֶען פָאלְק, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן דִיא מְלָאכָה אִין דֶעם הוֹיז פוּן יְהוָֹה צְבָאוֹת, זֵייעֶר נָאט :

15 אִין דֶעם פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶען טָאג פוּן דֶעם זֶעקְסְטֶען חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם צְווֵייטֶען יָאהְר פוּן דָרְיָוֶשׁ הַמֶלֶךְ :

## קאפיטעל ב

1 אִין דֶעם אֵיין אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶען טָאג פוּן דֶעם זִיבֶּעטֶען חוֹדֶשׁ, אִיז דָאס וָוארְט פוּן נָאט גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ חַגַי הַנָבִיא, אַזוֹי צוּ זָאגֶען :

2 זָאג דָאךְ צוּ זְרוּבָבֶל זוּהְן פוּן שְׁאַלְתִּיאֵל דֶעם בֶּעפֶעהְלֶער פוּן יְהוּדָה, אוּנְד צוּ יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן פוּן יְהוֹצָדָק דֶעם כּוֹהֵן הַגָדוֹל, אוּנְד צוּ דֶעם אִיבְּרִיגֶען פָאלְק אַזוֹי צוּ זָאגֶען :

3 וֶוער אִיז צְוִוישֶׁען אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, וָואס הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס דָאזִיגֶע בֵּית הַמִקְדָשׁ אִין זֵיינֶע עֶרְשְׁטֶע הֶערְלִיכְקֵייט ? אוּנְד ווִיא זֶעהְט אִיהְר עֶס אַצוּנְד ? אִיז עֶס נִיט אִים פֶערְגְלֵייךְ אִין אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אַזוֹי ווִיא גָאר נִיט ?

4 אָבֶּער אַצוּנְד זֵייא שְׁטַארְק דוּא זְרוּבָבֶל, זָאגְט נָאט, אוּנְד זֵייא שְׁטַארְק יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן פוּן יְהוֹצָדָק דֶעם כּוֹהֵן הַגָדוֹל, אוּנְד זֵייט שְׁטַארְק אִיהְר גַאנְצֶעס פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד, זָאגְט נָאט, אוּנְד אַרְבֵּייט, וָוארִין אִיךְ בִּין מִיט אֵייךְ, זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת :

5 דִיא זַאךְ פוּן וֶועגֶען וָואס אִיךְ הָאבּ מִיט אֵייךְ כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען, וֶוען אִיהְר זֶענְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס מִצְרַיִם, אַזוֹי בְּלֵייבְּט מֵיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ צְוִוישֶׁען אֵייךְ, הָאט נִיט קֵיין מוֹרָא :

6 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת עֶס אִיז נוּר נָאךְ אַ קְלֵיינֶע צֵייט אַזוֹי וֶועל אִיךְ מַאכֶען שְׁטוּרְמֶען דֶעם הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד אוּנְד דָאס יַם אוּנְד דָאס טְרוּקֶענֶע לַאנְד :

7 אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיךְ מַאכֶען שְׁטוּרְמֶען אַלֶע גוֹיִם, אוּנְד עֶס וֶועט קוּמֶען דִיא גְלוּסְטִיגְקֵייט פוּן אַלֶע הֵיידֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אָנְפִילֶען דָאס דָאזִיגֶע בֵּית הַמִקְדָשׁ מִיט כָּבוֹד, זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת :

8 דָאס זִילְבֶּער אִיז מֵיין אוּנְד דָאס גָאלְד אִיז מֵיין, זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת :

9 דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם דָאזִיגֶען לֶעצְטֶען בֵּית הַמִקְדָשׁ וֶועט גְרֶעסֶער זֵיין ווִיא פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען, זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת, וָוארִין אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען שָׁלוֹם אִין דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת :

10 אִין דֶעם פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶען טָאג פוּן דֶעם נֵיינְטֶען חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם צְווֵייטֶען יָאהְר פוּן דָרְיָוֶשׁ, אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וָוארְט פוּן נָאט דוּרְךְ חַגַי הַנָבִיא אַזוֹי צוּ זָאגֶען :

11 אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת, פְרֶעג

דאָך אָן בײַ די כּהנים װעגען דער
תּוֹרה, אַזױ צו זאָגען:
12 זעה, װען אײנער טראָגט אין דעם
עק (אין די פּאָלע) פֿון זײַן קלײד
הײליג פֿלײש, און װען ער ריהרט
אָן מיט דעם עק קלײד דאָס ברױט,
אָדער דאָס געזאָטענע פֿלײש, אָדער
דעם װײַן אָדער דאָס אײל, אָדער
אירגענד אַ שפּײַז איז דאָס געהײליגט?
און די כּהנים האָבען געענטפֿערט
און געזאָגט נײן:
13 און חגי האָט געזאָגט, װען
אײנער װאָס איז טמא װעגען אַ
מת און ריהרט אָן עפּעס פֿון דעם
אַלעם, זאָל עס זײַן טמא? און די
כּהנים האָבען געענטפֿערט און
געזאָגט, עס זאָל זײַן טמא:
14 און חגי האָט געענטפֿערט און
געזאָגט, גראָד אַזױ איז דאָס דאָזיגע
פֿאָלק, און אַזױ איז דאָס דאָזיגע
פֿאָלק פֿאַר מיר, זאָגט גאָט, און
אַזױ זענען אַלע מעשׂים פֿון זײערע
הענד, און אױך דאָס װאָס זײ זענען
דאָרט מקריב איז טמא:
15 אָבער אַצונד, בעט איך אײַך,
טהוט עס צו אײער האַרץ, פֿון דעם
הײנטיגען טאָג אָן און װײטער, אײדער
עס װערט נאָך אײן שטײן אױף דעם
אַנדערן שטײן געלײגט אין דעם
היכל פֿון גאָט:
16 זײט יענער צײט, װען מען איז
געקומען צו אַ הױפֿען פֿון צװאַנציג
מאָס אַזױ איז עס נור געװעזען צעהן,
װען מען איז געקומען צו די קעלטער
אױס צו שעפּען פֿופֿציג מאָס, אַזױ איז
עס נאָר געװעזען צװאַנציג:
17 איך האָב אײַך געשלאָגען מיט
די אױסקלאַפּונג און שימעל, און
מיט האָגעל, דהינו אין אַלע מעשׂים
פֿון אײערע הענד, און דאָך האָט
איהר אײַך ניט צוריקגעקעהרט צו
מיר:
18 טהוט דאָך דאָס צו אײער האַרץ
פֿון דעם הײנטיגען טאָג אָן און
װײטער, פֿון דעם פֿיער און צװאַנ־
ציגסטען טאָג פֿון דעם נײנטען חודש,
פֿון דעם טאָג אָן װען מען האָט גע־
לײגט דאָס פֿונדאַמענט פֿון דעם היכל
פֿון גאָט, לײגט עס צו אײער האַרץ:
19 איז דען נאָך דער זאָמען אין די
שײער? און ביז דעם װײנשטאָק,
און דעם פֿײַגענבױם, און די
מילגרױם, און דער אײלבערט־בױם
האָט נאָך ניט קײנע פּירות געטראָגען,
יוא, פֿון דעם הײנטיגען טאָג אָן װעל
איך דיך בענטשען:
20 און דאָס װאָרט פֿון גאָט איז
נאָכאַמאָל געקומען צו חגי אין דעם
פֿיער און צװאַנציגסטען טאָג פֿון
חודש, אַזױ צו זאָגען:
21 זאָג צו זרובבל דעם בעפֿעהלער
פֿון יהודה, אַזױ צו זאָגען, איך װעל
מאַכען שטורמען די הימעלן און
די ערד:
22 און איך װעל איבערקעהרען
דעם שטול פֿון די קעניגע, און איך
װעל פֿערטילגען די שטאַרקע קעניג־
רײַכע פֿון די גױם, און איך װעל
איבערקעהרען די רײַטװעגען און
איהרע רײַטער, און איך װעל
אַרונטערברענגען די פֿערד און
זײערע רײַטערס, איטליכער דורך דאָס
שװערט פֿון זײַן ברודער:
23 אין דעמזעלביגען טאָג, זאָגט

יְהוָֹה צְבָאוֹת, װעל איך דיך גענעמען,
דוא זְרוּבָּבֶל זוהן פון שְׁאַלְתִּיאֵל, מיין
קנעכט, זאגט גאט, אונד איך װעל
דיך מאכען אַזוי וויא אַ זיגעל (חותם),
וָוארין איך האב דיך אויסדערװײלט,
זאגט יְהוָֹה צְבָאוֹת:

# זכריה.

1 אין דעם אַכְטען חודש, אין דעם
צווייטען יאהר פון דַרְיָוֶשׁ, איז דאס
וָוארט פון גאט געװעזען צו זְכַרְיָה
זוהן פון בֶּרֶכְיָה, זוהן פון עִדּוֹ הַנָּבִיא,
אַזוי צו זאגען:
2 גאט האט שטארק געצארנט אויף
אייערע עלטערן:
3 אונד דוא זאלסט צו זייא זאגען,
אַזוי זאגט יְהוָֹה צְבָאוֹת, קעהרט צוריק
צו מיר, זאגט יְהוָֹה צְבָאוֹת, אַזוי װעל
איך מיך צוריק קעהרען, זאגט יְהוָֹה
צְבָאוֹת:
4 אונד איהר זאלט ניט זיין אַזוי
וויא אייערע אָבוֹת, צו װעלכע דיא
ערשטע נְבִיאִים האבען גערופען, אַזוי
צו זאגען, אַזוי זאגט יְהוָֹה צְבָאוֹת,
קעהרט אייך דאך אום פון אייערע
בייזע װעגען, אונד פון אייערע בייזע
מַעֲשִׂים, אבער איהר האט צו מיר ניט
געוואלט הערען, אונד איהר האט ניט
געוואלט פערנעמען, זאגט גאט:
5 אייערע אָבוֹת, אַװוּ זענען זייא?
אונד לעבען דען דיא נְבִיאִים אויף
אייביג?
6 אבער מיינע װערטער אונד מיינע
געזעץ וואס איך האב געבאטען צו
מיינע קנעכט דיא נְבִיאִים, האבען זייא
דען ניט דערגרייכט אייערע אָבוֹת?
אונד זייא זענען צוריקגעקומען אונד
האבען געזאגט, גראד אַזוי וויא גאט
צְבָאוֹת האט געטראכט צו אונס צו
טהון, נאך אונזערע װעגען אונד נאך
אונזערע בייזע מַעֲשִׂים, אַזוי האט ער
צו אונס געטהון:
7 אין דעם פיער אונד צוואנציגסטען
טאג פון דעם עלפטען חודש, דאס
איז דער חודש שְׁבָט, אין דעם צווייטען
יאהר פון דַרְיָוֶשׁ, איז דאס וָוארט פון
גאט געװעזען צו זְכַרְיָה בֶּן בֶּרֶכְיָה בֶּן
עִדּוֹא הַנָּבִיא, אַזוי צו זאגען:
8 איך האב געזעהען ביי נאכט,
אונד זעה, אַ מאן האט געריטען אויף
אַ רויט פערד, אונד ער איז געשטא-
נען צווישען דיא הַדַּסִּים, וואס זענען
אין דעם טהאל, אונד הינטער איהם
זענען געװעזען רויטע, געשפרענקעלטע
אונד ווייסע פערד:
9 אַזוי האב איך געזאגט, אוי מיין
האר, וואס זענען דיא דאזיגע? אונד
דער מַלְאָךְ וואס האט מיט מיר
גערעדט האט צו מיר געזאגט, איך
װעל דיר װייזען וואס דיא דאזיגע
זענען:
10 אונד דער מאן וואס איז געשטאנען

צווִישֶׁען דִיא הֲדַסִים הָאט גֶעזָאגְט, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא וָואס גָאט הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט דוּרְכְצוּגֵיין דוּרְךְ דִיא עֶרְד:

11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּ דֶעם מַלְאַךְ יְהֹוָה וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען צווִישֶׁען דִיא הֲדַסִים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ דִיא עֶרְד, אוּנְד זֶעה, דִיא גַאנְצֶע עֶרְד זִיצְט שְׁטִיל, אוּנְד אִיז רוּהִיג:

12 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ יְהֹוָה הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אוֹי יְהֹוָה צְבָאוֹת, בִּיז וִויא לַאנְג ווִילְסְט דוּא דִיךְ נִיט דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אִיבֶּער דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, אִיבֶּער ווֶעלְכֶע דוּא בִּיזְט צָארְנִיג גֶעווֶעזֶען דִיזֶע זִיבֶּעצִיג יָאהְרֶען?

13 אַזוֹי הָאט גָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּ דֶעם מַלְאָךְ וָואס הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט גוּטֶע ווֶערְטֶער, אוּנְד ווֶערְטֶער פוּן טְרוֹיסְט:

14 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ וָואס הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט, הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, רוּף אוֹיס, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת, אִיךְ הָאבּ מִיךְ מְקַנֵא גֶעווֶעזֶען ווֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד ווֶעגֶען צִיוֹן מִיט אַ גְרוֹיסֶע קִנְאָה:

15 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעצָארְנְט מִיט אַ גְרוֹיסֶען צָארְן אִיבֶּער דִיא גוֹיִם וָואס לֶעבֶּען מִיט פֶערְגֶענִיגֶען, ווָארִין אִיךְ בִּין נָאר אַ בִּיסֶעל צָארְנִיג גֶעווֶעזֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמֶעהְרְט זֵייעֶר שְׁלֶעכְטֶעס:

16 דַארוּם אַזוֹי זָאגְט גָאט, אִיךְ הָאבּ מִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ יְרוּשָׁלַיִם מִיט בַּארְמְהֶערְצִיגְקַייט, מֵיין הוֹיז זָאל גֶע־בּוֹיעֶט ווֶערֶען אִין אִיהר, זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת, אוּנְד אַ שְׁנוּר ווֶעט אוֹיסְגֶע־שְׁטְרֶעקְט ווֶערֶען אִיבֶּער יְרוּשָׁלַיִם:

17 רוּף נָאכְאַמָאל אוֹיס, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת, מֵיינֶע שְׁטֶעט ווֶעלֶען זִיךְ נָאךְ אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען ווֶעגֶען דֶעם גוּטֶען, אוּנְד גָאט ווֶעט נָאכְאַמָאל צִיוֹן טְרֵייסְטֶען, אוּנְד עֶר ווֶעט נָאכְאַמָאל אוֹיסְדֶערְווֵיילֶען יְרוּשָׁלַיִם:

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד ווֶען אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע אוֹיגֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה עֶס וַוארֶען פִיעֶר הֶערְנֶער:

2 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַלְאָךְ וָואס הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט, וָואס זֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע? אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דִיא דָאזִיגֶע הֶערְנֶער זֶענֶען דִיא וָואס הָאבֶּען צוּשְׁטְרֵייט יְהוּדָה, אוּנְד יִשְׂרָאֵל אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם:

3 אוּנְד גָאט הָאט מִיר גֶעווִיזֶען פִיעֶר טִישְׁלֶערְם:

4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, וָואס זֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע גֶעקוּמֶען צוּ טְהוּן? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיזֶע זֶענֶען דִיא הֶערְנֶער וָואס הָאבֶּען צוּשְׁטְרֵייט יְהוּדָה אוֹיף אַ זָאלְכֶען אוֹפָן דָאס קֵיינֶער הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיין קָאפּ, גֵייעֶרְט דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען כְּדֵי זֵייא אָפְּצוּשְׁרֶעקֶען, אַרוּפּ צוּוַוארְ־פֶען דִיא הֶערְנֶער פוּן דִיא גוֹיִם וָואס הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶר הָארְן אִיבֶּער דֶעם לַאנְד יְהוּדָה עֶס צוּ פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען:

5 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע אוֹיגֶען אוּנְד הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה, אַ מַאן אִיז גֶעשְׁטַאנֶען מִיט אַ מֶעסְט־שְׁנוּר אִין זֵיינֶע הַאנְד:

6 אַזוי הָאב אִיךְ גֶעזָאגְט, אַוְואוּ גֵייסְט דוּא אַהִין? אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, אוֹיסְצוּמֶעסְטֶען יְרוּשָׁלַיִם, צוּ זֶעהֶען וִויא פִיל זִיא אִיז בְּרֵייט אוּנְד וִויא פִיל זִיא אִיז לַאנְג:

7 אוּנְד זֶעה, דֶער מַלְאָךְ וָואס הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט אִיז אַרוֹיסְגֶענַאנְגֶען, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער מַלְאָךְ אִיז אַרוֹיסְגֶענַאנְגֶען אִיהְם עֶנְטְקֶעגְעֶן:

8 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לוֹיף אוּנְד רֶעד צוּ דֶעם דָאזִיגֶען יוּנְג אַזוֹי צוּ זָאגֶען; יְרוּשָׁלַיִם וֶועט בֶּעוָואוֹינְט וֶוערֶען אַזוֹי וִויא אָפֶענֶע שְׁטֶעט (אָהְן מוֹיעֶרְן) פוּן וֶועגֶען פִיל מֶענְשֶׁען אוּנְד בְּהֵמוֹת צְוִוישֶׁען אִיהְר:

9 אָבֶּער אִיךְ וֶועל זֵיין צוּ אִיהְר אַ מוֹיעֶר פוּן פֵייעֶר רִינְגְס אַרוּם, זָאגְט גָאט, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיךְ זֵיין אִין אִיהְרֶע מִיטֶע צוּ כָּבוֹד:

10 הוֹי! הוֹי! לוֹיפְט דָאךְ אַוֶועק פוּן דֶעם צָפוֹן לַאנְד, זָאגְט גָאט, וָוארִין אִיךְ וֶועל אֵייךְ פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען צוּ אַלֶע פִיעֶר זֵייטֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, זָאגְט גָאט:

11 הוֹי צִיוֹן! עֶנְטְרִין דִיךְ דָאךְ, דוּא וָואס וְואוֹינְסְט מִיט דִיא טָאכְטֶער פוּן בָּבֶל:

12 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת, נָאךְ דֶעם כָּבוֹד הָאט עֶר מִיךְ גֶעשִׁיקְט צוּ דִיא גוֹיִם וָואס הָאבֶּען אֵייךְ בֶּערוֹיבְּט, וָוארִין דֶער וָואס רִיהְרְט אֵייךְ אָן, דֶער אִיז אַזוֹי וִויא עֶר רִיהְרְט אָן זֵיין אוֹיג־אַפֶּעל:

13 וָוארִין זֶעה, אִיךְ וֶועל אִיבֶּער זֵייא אוֹיפְהֵייבֶּען (שָׁאקֶעלְן) מֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין אַ רוֹיבּוּנְג צוּ זֵיירֶע קְנֶעכְט, אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז יְהוָֹה צְבָאוֹת הָאט מִיךְ (צוּ אֵייךְ) גֶעשִׁיקְט:

14 זִינְג אוּנְד פְרֵייא דִיךְ, אוֹי טָאכְטֶער פוּן צִיוֹן, וָוארִין זֶעה, אִיךְ קוּם, אוּנְד אִיךְ וֶועל צְוִוישֶׁען דִיר וְואוֹינֶען, זָאגְט יְהוָֹה:

15 אוּנְד אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועלֶען זִיךְ פִיל גוֹיִם בֶּעהֶעפְטֶען צוּ יְהוָֹה, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין צוּ מִיר אַ פָאלְק, אוּנְד אִיךְ וֶועל צְוִוישֶׁען דִיר וְואוֹינֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט וִויסֶען דָאס יְהוָֹה צְבָאוֹת הָאט מִיךְ צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט:

16 אוּנְד גָאט וֶועט יְהוּדָה מַאכֶען יַרְשְׁנ'ן זֵיין חֵלֶק אוֹיף דֶעם הֵיילִיגֶען לַאנְד, אוּנְד עֶר וֶועט נָאכְמָאל אוֹיסְדֶערְוֵוייהלֶען יְרוּשָׁלַיִם:

17 לָאז אַלֶעם פְלֵייש שְׁטִיל זֵיין, פַאר גָאט, וָוארִין עֶר הָאט זִיךְ דֶערְוֶועקְט פוּן זֵיינֶע הֵיילִיגֶע וְואוֹינוּנְג:

## קאפיטעל ג

1 אוּנְד עֶר הָאט מִיר גֶעוִויזֶען דֶעם יְהוֹשֻׁעַ דֶעם כּוֹהֵן הַגָּדוֹל שְׁטֵיין פַאר דֶעם מַלְאָךְ יְהוָֹה, אוּנְד דֶער שָׂטָן אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אִיהְם צוּ פֶערְקְלָאגֶען (אָדֶער מְקַטְרֵג צוּ זֵיין):

2 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם שָׂטָן, גָאט זָאל דִיךְ אָנְשְׁרֵייעֶן, דוּא שָׂטָן; יוֹא, דֶער גָאט וָואס הָאט אוֹיסְדֶערְוֵוייהלְט יְרוּשָׁלַיִם זָאל דִיךְ אָנְשְׁרֵייעֶן, אִיז דָאס נִיט אַ בְּרַאנְד וָואס אִיז נִיצוֹל גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם פֵייעֶר?

3 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעקְלֵייד מִיט אֵיינְגֶערִיכְטֶע קְלֵיידֶער, וֶוען עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר דֶעם מַלְאָךְ:

4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען פַאר אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, טְהוּט אָפּ

פון איהם דיא אײנגעריכטע קלײדער,
אונד ער האט צו איהם געזאגט, זעה,
איך האב געמאכט אז דײנע זינד
זאלען פון דיר אַװעקגענומען װערען,
אונד איך װעל דיך בעקלײדען מיט
הערליכע קלײדער:
5 אונד איך האב געזאגט, לאז מען
איהם אנטהון א רײנעם הוט אויף זײן
קאפּ, אַזוי האט מען איהם אנגעטהון
א רײנעם הוט אויף זײן קאפּ, אונד מען
האט איהם אנגעקלײד מיט קלײדער,
אונד דער מלאך יהוה איז געבען איהם
געשטאנען:
6 אונד דער מלאך יהוה האט קעגען
יהושע עדות געזאגט, אַזוי צו זאגען:
7 אַזוי זאגט יהוה צבאות, װען דוא
װעסט גײן אין מײנע װעגען, אונד
װעסט היטען מײנע היטונג, אַזוי
זאלסט דוא אויך משפּט'ן איבער מײן
הויז, אונד דוא װעסט אויך היטען
מײן פאַרהויף, אונד איך װעל דיר
געבען ערטער צו גײן צװישען דיא
דאזיגע װאס שטײען דא:
8 הער דאך, יהושע כּוהן הגדול, דוא
אונד דײנע פרײנדע װאס זיצען פאַר
דיר, װארין זײא זענען מענער פון
װאונדער־צײכען, װארין זעה, איך װעל
אַהערברענגען מײן קנעכט צמח:
9 װארין זעה, דעם שטײן װאס איך
האב פאַרגעלײגט פאַר יהושע, אויף
דעם אײנעם שטײן זענען זיבען אויגען;
זעה, איך װעל אויסקריצען איהרע
אויסקריצונג, זאגט יהוה צבאות, אונד
איך װעל אַװעקטהון דיא זינד פון
דעמזעלביגען לאנד אין אײן טאג:
10 אין דעמזעלביגען טאג זאגט יהוה
צבאות, װעט איהר רופען, איטליכער

זײן פרײנד אונטער דעם װײנשטאק
אונד אונטער דעם פײגענבוים:

קאפּיטעל ד

1 אונד דער מלאך װאס האט מיט
מיר גערעט איז צוריקגעקומען, אונד
ער האט מיך אויפגעװעקט, אַזוי װיא
װען א מאן װערט אויפגעװעקט פון
זײן שלאף:
2 אונד ער האט צו מיר געזאגט,
װאס זעהסט דוא? אַזוי האב איך
געזאגט, איך האב געזעהען, אונד זעה,
א מנורה אים גאנצען אויס גאלד,
מיט א (קלײן) בעקען אויף איהר
שפּיץ, אונד זיבען לאמפּען דערבּײ,
אונד זיבען רוירען צו דיא לאמפּען
װאס זענען אויף איהר שפּיץ:
3 אונד צװײא אײלבערט־בײמער
נעבען איהר, אײנער פון דער רעכטער
זײט פון דעם בעקען אונד אײנער פון
איהר לינקער זײט:
4 אונד איך האב געענטפערט אונד
געזאגט צו דעם מלאך װאס האט מיט
מיר גערעט, אַזוי צו זאגען, װאס
זענען דיא דאזיגע מײן הער?
5 אונד דער מלאך װאס האט מיט
מיר גערעט האט געענטפערט, אונד
ער האט צו מיר געזאגט, װײסט דוא
ניט װאס דיא דאזיגע זענען? אַזוי
האב איך געזאגט, נײן! מײן הער:
6 אונד ער האט געענטפערט אונד
האט צו מיר געזאגט אַזוי צו זאגען,
דאס איז דאס װארט פון גאט צו
זרובבל אַזוי צו זאגען, עס איז ניט
דורך מאכט, אונד ניט דורך כּוח,
נײערט נור דורך מײן רוח הקודש,
זאגט יהוה צבאות:
7 װער ביזט דוא, דוא גרויסער

בָּארְג ? פַאר זְרוּבָּבֶל װֶעסְט דוּא
װֶערֶען צוּ אַ גְלֵייכֶען פְּלַאץ, אוּנְד דוּא
װֶעסְט אַרויסבְּרֶענְגֶען דֶעם אויבֶּערשְׁטֶען
שְׁטֵיין מִיט פְרֵיידֶענְגֶעשְׁרַייא, חֵן, חֵן,
צוּ אִיהָר :
8 אוּנְד דָאס װָארְט פוּן גָאט אִיז
גֶעװֶעזֶען צוּ מִיר אַזוי צוּ זָאגֶען :
9 דִיא הֶענְד פוּן זְרוּבָּבֶל הָאבֶּען גֶע־
לֵייגְט דֶעם גְרוּנְדשְׁטֵיין פוּן דֶעם
דָאזִיגֶען הויז, אוּנְד זֵיינֶע הֶענְד װֶעלֶען
עֶס פֶערְטִיג מַאכֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
װִיסֶען דָאס יְהוָֹה צְבָאוֹת הָאט מִיךְ
צוּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט :
10 װָארִין װֶער אִיז דֶער װָאס הָאט
מְבַזֶּה גֶעװֶעזֶען דֶעם טָאג פוּן קְלֵיינֶע
זַאכֶען ? װָארִין זֵייא װֶעלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן
אוּנְד זֵייא װֶעלֶען זֶעהֶען דִיא בְּלֵייא־
שְׁנוּר אִין דִיא הַאנְד פוּן זְרוּבָּבֶל, דִיא
דָאזִיגֶע זִיבֶּען, זֶענֶען דִיא אויגֶען פוּן
גָאט, זֵייא פֶערשְׁפְּרֵייטֶען זִיךְ אויף
דֶער גַאנְצֶער עֶרְד :
11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאבּ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, װָאס זֶענֶען
דִיא דָאזִיגֶע צְװֵייא אֵיילְבֶּערְטְבֵּיימֶער
אויף דֶער רֶעכְטֶע זֵייט אוּנְד לִינְקֶער
זֵייט פוּן דֶער מְנוֹרָה ?
12 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דָאס אַנְדֶערֶע
מָאל גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, װָאס זֶענֶען דִיא צְװֵייא צְװֵייגֶען
פוּן דִיא אֵיילְבֶּערְטְבֵּיימֶער װָאס זֶענֶען
אַן דֶער זֵייט פוּן דִיא צְװֵייא גָאלְדֶענֶע
בָּארֶען װָאס לֶעגֶערֶען זִיךְ אויס פוּן
זֵייא ?
13 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
װֵייסְט דוּא נִיט װָאס דִיזֶע זֶענֶען ?
אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, נֵיין מֵיין
הַאר :
14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיזֶע
זֶענֶען דִיא צְװֵייא זִיהְן פוּן יִצְהָר (דֶעם
גֶעזַאלְבְּטֶען), װָאס שְׁטֵייעֶן בֵּייא דֶעם
הַאר פוּן דֶער גַאנְצֶער עֶרְד :

## קאפיטעל ה

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט,
אוּנְד הָאבּ אויפְגֶעהויבֶּען מֵיינֶע אויגֶען,
אוּנְד װֶען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוּנְד
זֶעה, אַ פְלִיעֶנְדֶע מְגִלָּה :
2 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
װָאס זֶעהְסְט דוּא ? אַזוי הָאבּ אִיךְ
גֶעזָאגְט, אִיךְ זֶעה אַ פְלִיעֶנְדֶע מְגִלָּה,
צְװַאנְצִיג אֵיילֶען לַאנְג אוּנְד צֶעהְן
אֵיילֶען בְּרֵייט :
3 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
דָאס אִיז דִיא קְלָלָה װָאס גֵייט אַרויס
אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער װֶעלְט, װָארִין
אִיטְלִיכֶער װָאס גַנְבֶ'ת פוּן דֶעם, דֶער
װֶערְט נָאכְדֶעם אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען, אוּנְד
אִיטְלִיכֶער װָאס שְׁװֶערְט פוּן דֶעם דֶער
װֶעט נָאכְדֶעם אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען װֶערֶען :
4 אִיךְ װֶעל עֶס אַרויסבְּרֶענְגֶען זָאגְט
יְהוָֹה צְבָאוֹת, אוּנְד עֶס װֶעט אַרֵיינְ־
קוּמֶען אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם גַנָּב,
אוּנְד אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם װָאס
שְׁװֶערְט פַאלְשׁ בֵּייא מֵיין נָאמֶען, אוּנְד
עֶס װֶעט בְּלֵייבֶּען אִין דֶער מִיטֶען
פוּן זֵיין הויז, אוּנְד עֶס װֶעט פֶערְ־
צֶעהְרֶען דָאס הָאלְץ אוּנְד דִיא שְׁטֵיי־
נֶער דֶערְפוּן :
5 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ װָאס הָאט מִיט
מִיר גֶערֶעט אִיז אַרויסְגֶענַאנְגֶען, אוּנְד
עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, הֵייבּ דָאךְ
אויף דֵיינֶע אויגֶען, אוּנְד זֶעה, װָאס
דָאס אִיז װָאס גֵייט אַרויס :
6 אַזוי הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, װָאס אִיז
עֶס ? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט דִיא

דָאזִיגֶע אֵיפָה אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד עֶר הָאט װײטֶער גֶעזָאגְט, אוּנְד
דָאס דָאזִיגֶע אִיז זֵייעֶרֶע גֶעשְׁטַאלְט
(אויגֶען) אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער עֶרְד:
7 אוּנְד זֶעה, אַ צֶענְטנֶער בְּלֵייא אִיז
אויפְגֶעהויבֶּען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דָאס
אִיז אַ וַוייבּ וָואס זִיצְט אִין דֶער
מִיטֶען פוּן דֶער אֵיפָה:
8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז
דָאס רִשְׁעוּת, אוּנְד עֶר הָאט עֶס
אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן
דֶער אֵיפָה, אוּנְד עֶר הָאט אויךְ גֶע־
וָוארְפֶען דָאס בְּלֵייעֶרְנֶע גֶעוִויכְט אויף
אִיהְר מויל:
9 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אויפְגֶעהויבֶּען מֵיינֶע
אויגֶען אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד
זֶעה, צְוֵוייא וַוייבֶּער זֶענֶען אַרויסְ־
גֶעקוּמֶען אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ
ווִינְד אִין זֵייעֶרֶע פְלִיגֶעלְן, אָבֶּער זֵייעֶרֶע
פְלִיגֶעלְן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא דִיא
פְלִיגֶעלְן פוּן אַ שְׁטָארְךְ, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אויפְגֶעהויבֶּען דִיא אֵיפָה צְוִוישֶׁען
דִיא עֶרְד אוּנְד דֶעם הִימֶעל:
10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מַלְאָךְ וָואס הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט,
אַוְואוּ טְהוּן זֵייא אַהִינְפִירֶען דִיא
אֵיפָה?
11 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
צוּ בּויעֶן אַ הויז דֶערְפוּן אִין דֶעם
לַאנְד שִׁנְעָר, אוּנְד עֶס וֶועט אָנְגֶעבְּרֵייט
וֶוערֶען, אוּנְד עֶס וֶועט דָארְט אַהִינְ־
גֶעלֵייגְט וֶוערֶען אויף אִיהְרֶע אֵייגֶענֶע
אָנְבְּרֵייטוּנְג:

קאפיטעל ו

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ אויפְגֶעהויבֶּען מֵיינֶע
אויגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד
זֶעה, פִיעֶר רֵייטְוֶועגֶען זֶענֶען אַרויסְ־
גֶעקוּמֶען פוּן צְוִוישֶׁען דִיא צְוֵוייא בֶּערְג,
אוּנְד דִיא בֶּערְג זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֶּערְג
פוּן קוּפֶּער:
2 אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען רֵייטְוָואגֶען זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען רויטֶע פֶערְד, אוּנְד אִין דֶעם
צְוֵוייטֶען רֵייטְוָואגֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
שְׁוַוארְצֶע פֶערְד:
3 אוּנְד אִין דֶעם דְרִיטֶען רֵייטְוָואגֶען
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען וֵוייסֶע פֶערְד, אוּנְד אִין
דֶעם פִיעֶרְטֶען רֵייטְוָואגֶען זֶענֶען גֶעְ־
וֶועזֶען גֶעפְּלֶעקְטֶע אוּנְד בְּרוינֶע פֶערְד:
4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַלְאָךְ וָואס הָאט מִיט
מִיר גֶערֶעט, וָואס זֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע,
מֵיין הַאר?
5 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דִיא
דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא פִיעֶר רוּחוֹת פוּן
דֶעם הִימֶעל, וָואס גֵייעֶן אַרויס פוּן
שְׁטֵיין בֵּייא דֶעם הַאר פוּן דֶער גַאנְצֶען
וֶועלְט:
6 דֶער (רֵייטְוָואגֶען) וָואס הָאט
שְׁוַוארְצֶע פֶערְד גֵייט אַרויס צוּ דֶעם
לַאנְד פוּן צָפוֹן־זֵייט, אוּנְד דִיא וֵוייסֶע
גֵייעֶן אַרויס נָאךְ זֵייא, אוּנְד דִיא
גֶעפְּלֶעקְטֶע גֵייעֶן אַרויס צוּ דֶעם לַאנְד
פוּן דָרוֹם־זֵייט:
7 אוּנְד דִיא בְּרוינֶע זֶענֶען אַרויסְ־
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזוּכְט צוּ גֵיין
אַז זֵייא זָאלֶען קֶענֶען אַהִין אוּנְד
אַהֶער גֵיין דוּרְךְ דֶעם לַאנְד, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, גֵייט דוּרְךְ דֶעם לַאנְד,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אִין
דֶעם לַאנְד:
8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען צוּ מִיר,
אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶערֶעט, אַזוֹי

צוּ זאָגען, זעה, דיא וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען צוּ דעם צָפוֹן־לאַנד האָבען געשטילט מיין רוּחַ אין צָפוֹן־לאַנד:

9 אוּנד דאָס וואָרט פוּן גאָט איז געוועזען צוּ מִיר, אַזוֹי צוּ זאָגען:

10 נעם פוּן דיא וואָס זענען אין גָלוּת, (דְהַיינוּ), פוּן חֶלְדַי, אוּנד פוּן טוֹבִיָה, אוּנד פוּן יְדַעְיָה, אוּנד דוּא זאָלסט קוּמען אין דעמזעלבּיגען טאָג, אוּנד גייא אַריין אין דעם הויז פוּן יאשִׁיָה בֶּן צְפַנְיָה וואָס זענען געקוּמען פוּן בָּבֶל:

11 אוּנד דוּא זאָלסט נעמען פוּן זייא זילבּער אוּנד גאָלד, אוּנד מאַך קְרוינען אוּנד דוּא זאָלסט זייא טְהוּן אויף דעם קאָפּ פוּן יְהוֹשֻׁעַ בֶּן יְהוֹצָדָק דעם כֹּהֵן הַגָּדוֹל:

12 אוּנד דוּא זאָלסט צוּ אִיהם זאָגען, אַזוֹי זאָגט יְהֹוָה צְבָאוֹת, אַזוֹי צוּ זאָגען, זעה, דעם מאַן וואָס זיין נאָמען איז צֶמַח, וואָרין ער וועט שְׁפְּראָצען פוּן זיין אָרט, אוּנד ער וועט בּויען דעם הֵיכַל פוּן גאָט:

13 יוֹא, ער וועט בּויען דעם הֵיכַל פוּן גאָט, אוּנד ער וועט טְראָגען דיא שֵׁיינהייט, אוּנד ער וועט זיצען אוּנד געוועלטִיגען אויף דעם טְרוֹין־שְׁטוּל, אוּנד ער וועט זיין אַ כֹּהֵן אויף זיין טְרוֹין־שְׁטוּל, אוּנד דיא עֵצָה פוּן שָׁלוֹם וועט זיין צְווישען בּיידע:

14 אוּנד דיא קְרוינען זאָלען זיין פאַר חֵלֶם, אוּנד פאַר טוֹבִיָה, אוּנד פאַר יְדַעְיָה, אוּנד פאַר חֵן זוּהְן פוּן צְפַנְיָה, צוּם אַנדענקען אין דעם הֵיכַל פוּן גאָט:

15 אוּנד דיא וואָס זענען פוּן ווייטען זאָלען קוּמען, אוּנד בּויען אין דעם הֵיכַל פוּן גאָט, אוּנד אִיהר זאָלט וויסען אַז יְהֹוָה צְבָאוֹת האָט מִיךְ צוּ אייך געשִׁיקט, אוּנד דאָס וועט זיין ווען אִיהר וועט געוויס געהאָרכען צוּ דעם קוֹל פוּן יְהֹוָה אייער גאָט:

קאפיטעל ז

1 אוּנד עס איז געוועזען אין דעם פִיערטען יאָהר פוּן דָרְיָוֶשׁ הַמֶּלֶךְ, איז דאָס וואָרט פוּן גאָט געוועזען צוּ זְכַרְיָה, אין דעם פִיערטען טאָג פוּן דעם נִיינטען חוֹדֶשׁ, דְהַיינוּ כִּסְלֵו:

2 אוּנד בֵּית־אֵל האָט געשִׁיקט שַׂרְאֶצֶר אוּנד רֶגֶם־מֶלֶךְ אוּנד זיינע לייט, אָנצוּבּעטען פאַר גאָט:

3 צוּ זאָגען צוּ דיא כֹּהֲנִים וואָס זענען אין דעם הויז פוּן יְהֹוָה צְבָאוֹת אוּנד צוּ דיא נְבִיאִים אַזוֹי צוּ זאָגען, זאָל איך וויינען אין דעם פִינפְטען חוֹדֶשׁ, אוּנד מִיךְ אָפְּשיידען אַזוֹי וויא איך האָבּ עס געטְהוּן דיזע פִילע יאָהרען?

4 אוּנד דאָס וואָרט פוּן גאָט צְבָאוֹת איז געוועזען צוּ מִיר אַזוֹי צוּ זאָגען:

5 זאָג צוּ דעם גאַנצען פאָלְק פוּן דעם לאַנד, אוּנד צוּ דיא כֹּהֲנִים אַזוֹי צוּ זאָגען, ווען אִיהר האָט געפאַסְט אוּנד געקלאָגְט אִים פִינפְטען אוּנד אִים זִיבּעטען חוֹדֶשׁ, דיא דאָזִיגע זִיבּעצִיג יאָהר, האָט אִיהר דען געפאַסְט צוּ מִיר?

6 אוּנד ווען אִיהר האָט געגעסען אוּנד ווען אִיהר האָט געטְרוּנקען, האָט אִיהר דען נִיט געגעסען פאַר אייך זעלבּסְט אוּנד געטְרוּנקען פאַר אייך זעלבּסְט?

7 זענען דאָס דען נִיט דיא זעלבּיגע ווערטער וואָס גאָט האָט געלאָזט אויסרוּפען דוּרךְ דיא ערשטע נְבִיאִים,

װָען יְרוּשָׁלַיִם אִיז נָאךְ בֶּעוָואוֹינְט
גֶעװֶעזֶען בְּשַׁלְוָה, אוּנְד אוֹיךְ דִיא
שְׁטֶעט אַרוּם אִיהְר, אַן דֶער דָרוֹם־
זַייט אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען בֶּעוָואוֹינְט
דָאס מְהָאל ?
8 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז
גֶעװֶעזֶען צוּ זְכַרְיָה אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
9 אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, רִיכְטֶעט אֵיין אֱמֶת מִשְׁפָּט,
אוּנְד טְהוּט חֶסֶד אוּנְד בַּארְמְהֶערְצִיגְ־
קַייט אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן :
10 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט אוּנְטֶערְדְרִיקֶען
דִיא אַלְמָנָה אוּנְד דֶעם יָתוֹם, דֶעם גֵר
אוּנְד דֶעם אָרֶעמֶען, אוּנְד טְרַאכְטֶעט
קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס אִין אֵייעֶר הַארְץ
אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן :
11 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען עֶס נִיט
גֶעוָואלְט פֶערְנֶעמֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעגֶעבֶּען אַ וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע אַקְסֶעל,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען שְׁוֶוער גֶעמַאכְט
זַייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען כְּדֵי זַייא זָאלֶען נִיט
הֶערֶען :
12 אוּנְד זַייעֶר הַארְץ הָאבֶּען זַייא
אַזוֹי הַארְט גֶעמַאכְט וִויא דֶער דִימַאנְט
כְּדֵי זַייא זָאלֶען נִיט הֶערֶען דִיא תּוֹרָה,
אוּנְד דִיא װֶערְטֶער וָואס יְהֹוָה צְבָאוֹת
הָאט גֶעשִׁיקְט אִין זַיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ
דוּרְךְ דִיא עֶרְשְׁטֶע נְבִיאִים, דַארוּם אִיז
גֶעװֶעזֶען דֶער גְרוֹיסֶער צָארְן פוּן יְהֹוָה
צְבָאוֹת :
13 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען דָאס וַוייל
װֶען עֶר הָאט גֶערוּפֶען אוּנְד זַייא
הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען, אַזוֹי װֶען
זַייא װֶעלֶען רוּפֶען װֶעל אִיךְ נִיט
װֶעלֶען הֶערֶען, זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת :
14 נֵייעֶרְט אִיךְ הָאב זַייא צוּשְׁפְּרֵייט
מִיט אַ שְׁטוּרְמְוִוינְד אִיבֶּער אַלֶע

פֶעלְקֶער וָועלְכֶע זַייא קֶענֶען נִיט,
אוּנְד דָאס לַאנְד אִיז הִינְטֶער זַייא
וִויסְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי דָאס קֵיינֶער אִיז
נִיט דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד אִיז נִיט
צוּרִיקְגֶעקוּמֶען, אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען זַייא
דָאס גְלוּסְטִיגֶע לַאנְד וִויסְט גֶעמַאכְט :
קאפיטעל ח
1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט צְבָאוֹת
אִיז גֶעװֶעזֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
2 אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת, אִיךְ הָאב
מִיךְ מְקַנֵא גֶעװֶעזֶען װֶעגֶען צִיוֹן מִיט
מִיט אַ גְרוֹיסֶע קִנְאָה, אוּנְד מִיט אַ
גְרוֹיסֶען צָארְן הָאב אִיךְ מִיךְ װֶעגֶען
אִיהְר מְקַנֵא גֶעװֶעזֶען :
3 אַזוֹי זָאגְט גָאט, אִיךְ װֶעל צוּרִיקְ־
קֶעהְרֶען צוּ צִיוֹן, אוּנְד אִיךְ װֶעל
וְואוֹינֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם װֶעט גֶערוּפֶען װֶערֶען
דִיא שְׁטָאט פוּן אֱמֶת, אוּנְד דֶער בַּארְג
פוּן יְהֹוָה צְבָאוֹת, דֶער הֵיילִיגֶער
בַּארְג :
4 אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת, אַלְטֶע
מֶענֶער אוּנְד אַלְטֶע וַוייבֶּער װֶעלֶען
נָאךְ זִיצֶען אִין דִיא גַאסֶען פוּן
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אִיטְלִיכֶער מִיט זַיין
שְׁטֶעקֶען אִין זַיינֶע הַאנְד פוּן װֶעגֶען
פִילֶע טֶעג :
5 אוּנְד דִיא גַאסֶען װֶעלֶען זַיין פוּל
מִיט יוּנְגֶען אוּנְד מֵיידֶען וָואס װֶעלֶען
שְׁפִּילֶען אִין אִיהְרֶע גַאסֶען :
6 אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת, װֶען עֶס
װֶעט זַיין אַ וְואוּנְדֶער אִין דִיא אוֹיגֶען
פוּן דֶעם דָאזִיגֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶעם
פָאלְק אִין דִיזֶעלְבִּיגֶע טֶעג, אַזוֹי װֶעט
עֶס אוֹיךְ זַיין אַ וְואוּנְדֶער אִין מֵיינֶע
אוֹיגֶען, זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת :
7 אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת, זֶעה, אִיךְ
וועל

וָועל מַיין פָּאלְק הֶעלְפֶּען אוֹיס דֶעם
לַאנְד פוּן מִזְרַח־זַייט, אוּנְד אוֹיס דֶעם
לַאנְד פוּן מַעֲרָב־זַייט׃
8 אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא אַהֵיים בְּרֶענְגֶען,
אוּנְד זַייא וֶועלֶען וְואוֹינֶען אִין דֶער
מִיטֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זַייא וֶועלֶען
זַיין מַיין פָּאלְק, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַיין
זַייעֶר גָאט אִין אֱמֶת אוּנְד אִין גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט׃
9 אַזוֹי זָאגְט יְהוָה צְבָאוֹת, לָאזֶען
אֵייעֶרֶע הֶענְד גֶעשְׁטַארְקְט וֶוערֶען, אִיהְר
וָואס הֶערְט אִין דִיזֶע טֶעג דִיא דָאזִיגֶע
וֶוערְטֶער פוּן דֶעם מוֹיל פוּן דִיא
נְבִיאִים, וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
טָאג וֶוען דֶער גְרוּנְד אִיז גֶעלֵייגְט
גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם הוֹיז פוּן יְהוָה
צְבָאוֹת כְּדֵי דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ זָאל
גֶעבּוֹיעֶט וֶוערֶען׃
10 וָוארִין פַאר יֶענֶע טֶעג אִיז נִיט
גֶעוֶועזֶען קֵיין שָׂכָר פַאר דִיא מֶענְשֶׁען,
אוּנְד אוֹיךְ קֵיין שָׂכָר פַאר בְּהֵמוֹת,
אוּנְד עֶס אִיז אוֹיךְ נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין
שָׁלוֹם צוּ דֶעם וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אוּנְד אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, פוּן וֶועגֶען דֶעם
פֵיינְד, וָוארִין אִיךְ הָאבּ אָנְגֶערֵייצְט
אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ קֶעגֶען זַיין חַבֵר׃
11 אָבֶּער אַצוּנְד, וֶועל אִיךְ נִיט זַיין
צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָּאלְק וָואס אִיז
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, אַזוֹי וִויא אִין דִיא
פַארְצַייטִיגֶע טֶעג, זָאגְט יְהוָה צְבָאוֹת׃
12 וָוארִין דֶער זָאמֶען וֶועט זַיין פוּן
שָׁלוֹם, דֶער ווַיינְשְׁטָאק וֶועט גֶעבֶּען
זַיינֶע פֵּירוֹת אוּנְד דָאס לַאנְד וֶועט
גֶעבֶּען אִיהְר גֶעוֶועקְס, אוּנְד דִיא
הִימֶעל וֶועלֶען גֶעבֶּען אִיהְר טוֹיא,
אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען אַז דָאס דָאזִיגֶע
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פָּאלְק זָאל יַרְשְׁנֶ'ן
דָאס אַלֶעס׃
13 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין דָאס אַזוֹי וִויא
אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען אַ קְלָלָה צְוִוישֶׁען
דִיא גוֹיִם, אַזוֹי אִיהְר הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יְהוּדָה אוּנְד הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל,
אַזוֹי וֶועל אִיךְ אֵייךְ הֶעלְפֶּען, אוּנְד
אִיהְר וֶועט זַיין אַ בְּרָכָה, הָאט נִיט
קֵיין מוֹרָא, גֵייעֶרְט לָאזֶען אֵייעֶרֶע הֶענְד
גֶעשְׁטַארְקְט וֶוערֶען׃
14 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט יְהוָה צְבָאוֹת,
אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט שְׁלֶעכְטֶעס
אִיבֶּער אֵייךְ ווייל אֵייעֶרֶע אָבוֹת הָאבֶּען
מִיךְ דֶערְצָארְנְט, זָאגְט יְהוָה צְבָאוֹת,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ קֵיין חֲרָטָה נִיט
גֶעהַאט׃
15 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מִיךְ אוֹיךְ אוּמְגֶע־
קֶעהְרְט אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט,
אִין דִיא דָאזִיגֶע טֶעג גוּטֶעס צוּ טְהוּן
צוּ יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד
פוּן יְהוּדָה, הָאט נִיט קֵיין מוֹרָא׃
16 דָאס זֶענֶען דִיא זַאכֶען וָואס אִיהְר
זָאלְט טְהוּן, רֶעדְט אֱמֶת אֵיינֶער צוּ
דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד מִשְׁפָּט אֱמֶת אוּנְד
שָׁלוֹם אִין אֵייעֶרֶע טוֹיעֶרְן׃
17 אוּנְד טְרַאכְט נִיט שְׁלֶעכְטֶעס
אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן אִין אֵייעֶר
הַארְץ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט לִיבֶּען
פַאלְשׁ צוּ שְׁוֶוערֶען, וָוארִין דָאס אַלֶעס
הָאבּ אִיךְ פֵיינְד, זָאגְט גָאט׃
18 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן יְהוָה צְבָאוֹת
אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
19 אַזוֹי זָאגְט יְהוָה צְבָאוֹת, דֶער
פַאסְט־טָאג פוּן דֶעם פִיעֶרְטֶען חוֹדֶשׁ
(תַּמוּז), אוּנְד דֶער פַאסְט־טָאג פוּן דֶעם
פִינְפְטֶען חוֹדֶשׁ (אָב), אוּנְד דֶער פַאסְט־
טָאג פוּן דֶעם זִיבֶּעטֶען חוֹדֶשׁ (תִּשְׁרִי),
אוּנְד דֶער פַאסְט־טָאג פוּן דֶעם

צעהנטען

צֶעהְנְטֶען חוֹדֶשׁ (תֵּבֵת), װעלֶען זַיין צוּ
דֶעם הױזְגֶעזִינְד פוּן יְהוּדָה צוּ פְרֵייד
אוּנְד שִׂמְחָה, אוּנְד צוּ יָמִים טוֹבִים,
דַארִיבֶּער לִיבְּט נָאר דֶעם אֱמֶת אוּנְד
דֶעם שָׁלוֹם׃
20 אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת, עֶס װעט
נָאךְ זַיין אַ צַייט דָאס עֶס װעלֶען
קוּמֶען פֶעלְקֶער אוּנְד דִיא װָאס
װאוֹינֶען אִין פִילֶע שְׁטֶעט׃
21 אוּנְד דִיא בֶּעװאוֹינֶער פוּן אֵיינֶע
שְׁטָאט װעלֶען גֵיין אֵיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶע־
רֶע, אוּנְד זַייא װעלֶען זָאגֶען, קוּמְט לָא־
מֶער גֵיין אָנְצוּבֶּעטֶען פַאר גָאט, אוּנְד צוּ
זוּכֶען יְהוָֹה צְבָאוֹת, אִיךְ װעל אוֹיךְ גֵיין׃
22 אוּנְד עֶס װעלֶען אָנְקוּמֶען פִילֶע
אוּנְד שְׁטַארְקֶע פֶעלְקֶער צוּ זוּכֶען
יְהוָֹה צְבָאוֹת אִין ירוּשָׁלַיִם אוּנְד צוּ
בֶּעטֶען פַאר גָאט׃
23 װָארִין אַזוֹי זָאגְט גָאט צְבָאוֹת,
אִין דִיזָעלְבִּיגֶע טֶעג, װעלֶען אָנְגֶעמֶען
צֶעהְן מֶענֶער פוּן אַלֶע לְשׁוֹנוֹת פוּן
דִיא פֶעלְקֶער, יוֹא, זַייא װעלֶען אָנְגֶע־
מֶען אַן דֶעם קְלֵייד פוּן אַ יְהוּדִי, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, מִיר װעלֶען גֵיין מִיט אֵייךְ,
װָארִין מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז גָאט
אִיז מִיט אֵייךְ׃

## קאפיטעל ט

1 דָאס אִיז דִיא מַשָּׂא (נְבוּאָה) פוּן
דֶעם װָארְט פוּן גָאט אִין דֶעם לַאנְד
חַדְרָךְ, אוּנְד דַמֶּשֶׂק װעט זַיין זַיינֶע
רוּהוּנְג; װען דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא
מֶענְשֶׁען װעלֶען זִיךְ קֶעהְרֶען צוּ גָאט,
אוּנְד אוֹיךְ אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל׃
2 אוּנְד װען חֲמָת װעט זִיךְ אוֹיךְ
גְרֶענְעצֶען אִין אִיהְר, צוֹר אוּנְד צִידוֹן,
חָאטְשֶׁע זַייא זֶענֶען זֶעהְר קְלוּג׃
3 אוּנְד צוֹר װעט זִיךְ בּוֹיעֶן אַ
פֶעסְטוּנְג, אוּנְד זִיא װעט זִיךְ אָנְזַאמֶעלְן
זִילְבֶּער אַזוֹי װִיא אַשׁ, אוּנְד פֵיין גָאלְד
אַזוֹי װִיא לֵיים אוֹיף דֶער גַאס׃
4 זֶעה, דֶער הַאר װעט זִיא פֶערְטְרֵיי־
בֶּען, אוּנְד עֶר װעט אִיהְרֶע מַאכְט
שְׁלָאגֶען אִין דֶעם יַם אַרֵיין, אוּנְד זִיא
װעט פֶערבְּרֶענְט װערֶען אִין דֶעם
פַייעֶר׃
5 אַשְׁקְלוֹן װעט עֶס זֶעהֶען אוּנְד
װעט מוֹרָא הָאבֶּען, אוּנְד אוֹיךְ עַזָה
אוּנְד זִיא װעט זֶעהְר צִיטֶערְן, אוּנְד
עֶקְרוֹן װעט פֶערשֶׁעמְט װערֶען פוּן
װעגֶען אִיהְר אוֹיסְקוּקֶען, אוּנְד דֶער
מֶלֶךְ װעט פֶערְטִילְגְט װערֶען פוּן עַזָה,
אוּנְד אַשְׁקְלוֹן זָאל נִיט בֶּעװאוֹינְט
װערֶען׃
6 אָבֶּער אַ מַמְזֵר װעט װאוֹינֶען אִין
אַשְׁדוֹד, אוּנְד אִיךְ װעל פֶערשְׁנֵיידֶען
דִיא שְׁטָאלְצְהֵייט פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים׃
7 אוּנְד אִיךְ װעל אָפְּטְהוּן זַיין בְּלוּט
אוֹיס זַיין מוֹיל, אוּנְד זַיינֶע אוּמְװערְ־
דִינְקֵייט פוּן צְװִישֶׁען זַיינֶע צֵיין, אוּנְד
עֶר װעט אוֹיךְ אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען צוּ
אוּנְזֶער גָאט, אוּנְד עֶר װעט זַיין אַזוֹי
װִיא אַ גֶעװעלְטִיגֶער אִין יְהוּדָה, אוּנְד
עֶקְרוֹן װעט זַיין אַזוֹי װִיא יְבוּסִי׃
8 אוּנְד אִיךְ װעל מִיךְ לַאגֶערְן אַרוּם
מַיין הױז פוּן װעגֶען דֶעם חַיִל װָאס
װעלֶען אַהִין אוּנְד צוּרִיק דוּרְכְגֵיין, כְּדֵי
עֶס זָאלֶען נִיט מֶעהְר דוּרְכְגֵיין קֵיינֶע
בֶּעצְװִינְגֶער, װָארִין אִיךְ הָאבּ עֶס אַצוּנְד
גֶעזֶעהֶען מִיט מֵיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען׃
9 פְרֵייא דִיךְ זֶעהְר, דוּא טָאכְטֶער
צִיוֹן, שְׁרֵייא אוֹיס דוּא טָאכְטֶער פוּן
יְרוּשָׁלַיִם זֶעה דַיין קֶענִיג קוּמְט צוּ
דִיר עֶר אִיז גֶערֶעכְט, אוּנְד עֶר הָאט
הִילְפֶע, עֶר אִיז אָרֶעם אוּנְד רֵייט

אויף אֵיין אֵייזֶעל, אוּנְד אויף אַ יוּנְגֶען
אֵייזֶעל:

10 אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערשְׁנֵיידֶען דִיא
רֵייטְוֶועגֶען פוּן אֶפְרַיִם, אוּנְד דִיא
פֶערְד פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער
מִלְחָמָה־בּוֹיגֶען וֶועט פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען,
אוּנְד עֶר וֶועט רֶעדֶען שָׁלוֹם צוּ דִיא
גוֹיִם, אוּנְד עֶר וֶועט גֶעוֶועלְטִיגֶען פוּן
יָם צוּ יָם, אוּנְד פוּן דֶעם טֵייךְ בִּיז צוּ
דֶעם עֶנְד פוּן דֶער עֶרְד:

11 אוּנְד אוֹיךְ דוּא, וֶועגֶען דֶעם בְּלוּט
פוּן דֵיין בּוּנְד הָאבּ אִיךְ פְּרֵייא אַוֶועקְ־
גֶעשִׁיקְט דֵיינֶע גֶעבּוּנְדֶענֶע פוּן דֶער
גְרוּבּ וְואוּ עֶס אִיז קֵיין וַואסֶער:

12 קֶעהְרְט אֵייךְ אוּם צוּ אֵייעֶרֶע
פֶעסְטוּנְג אִיהְר גֶעבּוּנְדֶענֶע אִין דֶער
הָאפֶענוּנְג! יוֹא, אַפִילוּ הַיינְט זָאג אִיךְ
אָן אַז אִיךְ וֶועל דִיר טָאפֶּעלְט צוּרִיקְ־
קֶעהְרֶען:

13 וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיר אוֹיסְגֶע־
שְׁפַּאנְט יְהוּדָה אַלְס אַ בּוֹיגֶען, אוּנְד
אִיךְ וֶועל אֶפְרַיִם דֶערְפִילֶען (מִיט
פַיילֶען) אוּנְד אִיךְ וֶועל דֶערְוֶועקֶען
דֵיינֶע קִינְדֶער, אוֹי צִיּוֹן, אִיבֶּער דִיא
קִינְדֶער פוּן יָוָן, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ
מַאכֶען וִויא אַ שְׁוֶוערְד פוּן אַ גִבּוֹר:

14 אוּנְד גָאט וֶועט אִיבֶּער זֵייא
גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען, אוּנְד זֵיין פַייל וֶועט
אַרוֹיסְגֵיין אַזוֹי וִויא אַ בְּלִיץ, אוּנְד
דֶער הַאר גָאט וֶועט בְּלָאזֶען מִיט דֶעם
שׁוֹפָר, אוּנְד עֶר וֶועט גֵיין מִיט דֶעם
שְׁטָארְם פוּן דָרוֹם־זֵייט:

15 יְהוָֹה צְבָאוֹת וֶועט זֵייא בֶּעשִׁיצֶען,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵייא פֶערְצֶעהְרֶען,
אוּנְד בֶּעצְוִוינְגֶען אַזוֹי וִויא שְׁלֵיידֶער
שְׁטֵיינֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען טְרִינְקֶען,
אוּנְד וֶועלֶען לַארְמֶען אַזוֹי וִויא דוּרְךְ
וויין, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אָנְגֶעפִילְט זֵיין
אַזוֹי וִויא אַ שְׁפְּרִינְג־בֶּעקֶען (מִיט
בְּלוּט) אִין דֶעם ווִינְקֶעל פוּן דֶעם
מִזְבֵּחַ:

16 אוּנְד יְהוָֹה זֵייעֶר גָאט וֶועט זֵייא
הֶעלְפֶען אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, אַזוֹי
וִויא דִיא שָׁאף פוּן זֵיין פָאלְק, וָוארִין
זֵייא זֶענֶען (אַזוֹי וִויא) דִיא שְׁטֵיינֶער
פוּן דֶער קְרוֹין וָואס גְלַאנְצֶען אִיבֶּער
זֵיין לַאנְד:

17 וָוארִין וִויא גְרוֹיס אִיז זֵיינֶע גוּטְ־
קֵייט, אוּנְד וִויא גְרוֹיס אִיז זֵיינֶע שֵׁיינְ־
הֵייט! קָארְן וֶועט זֵיינֶע יוּנְגֶע לֵייט
(כּוֹחַ גֶעבֶּען) אוּנְד נֵייעֶר וויין דִיא
יוּנְגפְרוֹיעֶן:

## קאפיטעל י

1 בֶּעט רֶעגֶען פוּן גָאט, אִין דֶער
צֵייט פוּן דֶעם שְׁפֶּעטְרֶעגֶען, וָוארִין
גָאט וֶועט מַאכֶען דִיא רֶעגֶען וָואלְקֶען,
אוּנְד עֶר וֶועט צוּ זֵייא גֶעבֶּען אַן
אוֹיסְגֶעגָאסֶענֶעם רֶעגֶען, צוּ אִיטְלִיכֶען
גְרָאז פוּן דֶעם פֶעלְד:

2 וָוארִין דִיא גֶעצֶען (תְּרָפִים) הָאבֶּען
גֶערֶעט נַארִישְׁקֵייט, אוּנְד דִיא כִּישׁוּף
מַאכֶערְס הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען לִיגֶען, אוּנְד
זֵייא רֶעדֶען פַאלְשֶׁע חֲלוֹמוֹת, אוּנְד
מִיט נַארִישְׁקֵייט טְרֵייסְטֶען זֵייא, דַא־
רִיבֶּער זֶענֶען זֵייא אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען אַזוֹי
וִויא שָׁאף, זֵייא זֶענֶען אוּנְטֶערְטֶעניג
גֶעוָוארֶען וַוייל זֵייא הָאבֶּען נִיט קֵיין
פַּאסְטוּךְ:

3 אִיבֶּער דִיא פַּאסְטוּכֶערְס הָאט זִיךְ
מֵיין צָארְן דֶערְגְרִימְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
בֶּעשְׁטְרָאפְט דִיא בֶּעק, וָוארִין גָאט
צְבָאוֹת הָאט גֶעדֶענְקְט אַן זֵיינֶע
סְטַאדֶע, דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יְהוּדָה,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעמַאכְט אַזוֹי וִויא

אִין שׁײנֶעס פֶערד אִין דֶער מִלְחָמָה׃
4 פוּן אִיהְם אִיז אַרױסְגֶעקוּמֶען דֶער
װינְקֶעל־(שְׁטֵיין), פוּן אִיהְם דֶער נָאגֶעל,
פוּן אִיהְם אִיז דֶער בױגֶען פוּן דֶער
מִלְחָמָה, אוּנְד פוּן אִיהְם װֶעט אַרױסְגֵיין
אִיטְלִיכֶער בֶּעצְװִינְגֶער צוּזַאמֶען׃
5 אוּנְד זֵייא װֶעלֶען זַיין אַזױ װִיא
דִיא גִבּוֹרִים װָאס טְרֶעטֶען זַייעֶרֶע פַיינְד
אִין דֶער מִלְחָמָה אַזױ װִיא דֶעם לֵיים
אִין דִיא גַאס, װָארִין גָאט װֶעט מִיט
זֵייא מִלְחָמָה הַאלְטֶען, אוּנְד דִיא װָאס
רַייטֶען אױף פֶערְד װֶעלֶען זִיךְ
שֶׁעמֶען׃
6 אוּנְד אִיךְ װֶעל שְׁטַארְקֶען דָאס
הױזְגֶעזִינְד פוּן יְהוּדָה, אוּנְד אִיךְ װֶעל
הֶעלְפֶען דָאס הױזְגֶעזִינְד פוּן יוֹסֵף,
אוּנְד אִיךְ װֶעל זֵייא צוּרִיקבְּרֶענְגֶען,
װָארִין אִיךְ הָאבּ דֶערְבַּארְמוּנְג (אִיבֶּער
זֵייא), אוּנְד זֵייא װֶעלֶען זַיין אַזױ װִיא
אִיךְ הֶעט זֵייא נִיט פֶערְװָארְפֶען, װָארִין
אִיךְ בִּין יְהֹוָה זֵייעֶר גָאט, אוּנְד אִיךְ
װֶעל זֵייא עֶנְטְפֶערְן׃
7 אוּנְד דִיא פוּן אֶפְרַיִם װֶעלֶען זַיין
אַזױ װִיא אַ גִבּוֹר, אוּנְד זֵייעֶר הַארְץ
װֶעט זִיךְ פְרֵייעֶן אַזױ װִיא מִיט װַיין,
אוּנְד זֵייעֶרֶע קִינְדֶער װֶעלֶען עֶס זֶעהֶען
אוּנְד זֵייא װֶעלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן, זֵייעֶר
הַארְץ װֶעט זַיין פְרֵייליךְ אִין גָאט׃
8 אִיךְ װֶעל צוּ זֵייא פַייפֶען, אוּנְד
אִיךְ װֶעל זֵייא פֶערְזַאמְלֶען, װָארִין אִיךְ
הָאבּ זֵייא דֶערְלֵייזְט, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען
זִיךְ פֶערְמֶעהְרֶען אַזױ װִיא זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ פְרִיהֶער פֶערְמֶעהְרְט׃
9 אוּנְד אִיךְ װֶעל זֵייא זֵייעֶן צְװִישֶׁען
דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען מִיךְ
גֶעדֶענְקֶען אִין װַייטֶע לֶענְדֶער, אוּנְד
זֵייא װֶעלֶען לֶעבֶּען מִיט זַייעֶרֶע קִינְדֶער,
אוּנְד זֵייא װֶעלֶען צוּרִיקקוּמֶען׃
10 אוּנְד אִיךְ װֶעל זֵייא צוּרִיקבְּרֶענְגֶען
פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד פוּן אַשּׁוּר
װֶעל אִיךְ זֵייא פֶערְזַאמְלֶען אוּנְד אִיךְ
װֶעל זֵייא בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם לַאנְד
גִּלְעָד אוּנְד צוּ לְבָנוֹן, אוּנְד עֶס װֶעט
נִיט גֶענוּג פְּלַאץ פַאר זֵייא גֶעפוּנֶען
װֶערֶען׃
11 אוּנְד עֶר װֶעט אִיבֶּערְפָאהְרֶען
דוּרְךְ דֶעם יַם פוּן אַ צָרָה, אוּנְד עֶר
װֶעט שְׁלָאגֶען דִיא אִינְדֶען אוּנְד עֶר
װֶעט פֶערְטְרִיקֶענֶען אַלֶע טִיפֶענִים פוּן
דֶעם טַייךְ, אוּנְד עֶר װֶעט אַרוּנְטֶער־
בְּרֶענְגֶען דִיא שְׁטָאלְצְהֵייט פוּן אַשּׁוּר
אוּנְד דִיא רוּט (דֶער סְצֶעפְּטֶער) פוּן
מִצְרַיִם װֶעט אָפְּגֶעטְהוּן װֶערֶען׃
12 אוּנְד אִיךְ װֶעל זֵייא שְׁטַארְקֶען
אִין גָאט, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען גֵיין אִין
זַיין נָאמֶען, זָאגְט גָאט׃

## קאפיטעל יא

1 מַאךְ אױף דַיינֶע טִירֶען, אוֹי לְבָנוֹן!
כְּדֵי דָאס פַייעֶר זָאל פֶערבְּרֶענֶען דַיינֶע
טֶענֶענְבֵּיימֶער׃
2 קְלָאג, דוּא בּוּקְסֶען־בּוֹים, װָארִין
דֶער טֶענֶענְבּוֹים אִיז גֶעפַאלֶען, װַייל
דִיא שְׁטַארְקֶע זֶענֶען בֶּערױבְּט גֶעװָארֶען,
קְלָאגְט, אוֹי אִיהְר לִינְדֶען־בֵּיימֶער פוּן
בָּשָׁן װָארִין דֶער פֶעסְט־שְׁטַארְקֶער
װַאלְד אִיז אַרוּנְטֶער גֶעקוּמֶען׃
3 עֶס אִיז אַ קוֹל פוּן קְלָאג פוּן דִיא
פַּאסְטוּכֶערְס, װָארִין זֵייעֶרֶע הֶערְלִיכְקֵייט
אִיז גֶערױבְּט גֶעװָארֶען; עֶס אִיז אַ
קוֹל פוּן אַ גֶעשְׁרֵייא פוּן דִיא יוּנְגֶע
לֵייבֶּען, װַייל דִיא שְׁטָאלְצְהֵייט פוּן
דֶעם יַרְדֵן אִיז גֶערױבְּט גֶעװָארֶען׃
4 אַזױ זָאגְט יְהֹוָה מֵיין גָאט, פַּאשֶׁע
דִיא שָׁאף פוּן דֶער הֲרֵיגָה׃

5 וָואס זֵייעֶרע קױפֶערְס הַרְגְנ'ן זֵייא, אוּנְד זֵייא װֶערֶען נִיט פֶערְשׁוּלְדִיגְט, אוּנְד זֵייעֶרע פֶערְקױפֶערְס זָאגֶען, גֶעבֶּענְשְׁט אִיז גָאט וָוארִין אִיךְ בִּין רֵייךְ, אָבֶּער זֵייעֶרע פַּאסְטוּכֶערְס דֶערְבַּארְמֶען זִיךְ נִיט אִיבֶּער זֵייא ׃

6 וָוארִין אִיךְ װֶעל מִיךְ נִיט דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער דִיא בֶּעװָאױנֶערְס פוּן דֶעם לַאנְד, זָאגְט גָאט, אוּנְד זֶעה אִיךְ װֶעל אִיבֶּערֶענְטְפֶערְן אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ אִין דִיא הַאנְד פוּן זַיין חָבֵר, אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן זַיין מֶלֶךְ, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען צוּהַאקֶען דָאס לַאנְד, אוּנְד קֵיינֶער װֶעט נִיט מַצִיל זַיין פוּן זֵייעֶרע הַאנְד ׃

7 אוּנְד אִיךְ װֶעל פַּאשֶׁען דִיא שָׁאף פוּן דֶער הֲרֵיגָה, יוֹא, אִיהְרֶע אָרֶעמֶע שָׁאף! אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיר גֶענוּמֶען צְוֵייא שְׁטֶעקֶען, אֵיינֶעם הָאבּ אִיךְ גֶערוּפֶען נוֹעַם (לִיבְּלִיךְ) אוּנְד דֶעם אַנְדֶערְן הָאבּ אִיךְ גֶערוּפֶען חוֹבְלִים (פֶערְדַארְבּוּנְג) אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעפַּאשֶׁעט דִיא שָׁאף ׃

8 אוּנְד אִיךְ הָאבּ פֶערְשְׁנִיטֶען דְרֵייא פַּאסְטוּכֶער'ס אִין אֵיין חוֹדֶשׁ, אוּנְד אִיךְ בִּין װֶעגֶען זֵייא אוּנְגֶעדוּלְדִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא אױךְ נִיט גֶעקֶענְט דֶערְטְרָאגֶען (דוּלְדֶען) ׃

9 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיךְ װֶעל אֵייךְ נִיט מֶעהְר פַּאשֶׁען, דֶער וָואס װֶעט שְׁטַארְבֶּען דֶער זָאל שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דָאס וָואס זָאל פֶערְשְׁנִיטֶען װֶערֶען לָאז עֶס פֶערְשְׁנִיטֶען װֶערֶען, אָבֶּער דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע װֶעלֶען עֶסֶען אִיטְלִיכֶע דָאס פְלֵיישׁ פוּן אִיהְר חֲבֶרְתָּה ׃

10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען מֵיין שְׁטֶעקֶען נוֹעַם, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם דוּרְכְגֶעשְׁנִיטֶען, כְּדֵי צוּ פֶערְשְׁטֶערֶען דֶעם בְּרִית וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט מִיט אַלֶע פֶעלְקֶער ׃

11 אוּנְד עֶר אִיז צוּשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען דִיא אָרֶעמֶע שָׁאף, דִיא וָואס הִיטֶען מִיךְ גֶעוְואוּסְט אַז דָאס אִיז דָאס וָוארְט פוּן גָאט ׃

12 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, װֶען עֶס אִיז גוּט אִין אֵייעֶרע אױגֶען אַזוֹי גֶעבְּט מִיר מֵיין שְׂכַר, אָבֶּער װֶען נִיט פֶערְמֵיידֶעט עֶס, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָפְּגֶעוְואױגֶען פַאר מֵיין שְׂכַר דְרֵייסִיג שְׁטִיק זִילְבֶּער (שְׁקָלִים) ׃

13 אָבֶּער גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, וַוארְף עֶס אַרֵיין צוּ דֶעם טֶעפֶּער, אַ שֵׁיינֶעם (שְׂכַר) מִיט װֶעלְכֶען אִיךְ בִּין פוּן זֵייא גֶעשֶׁעצְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶענוּמֶען דִיא דְרֵייסִיג זִילְבֶּערְנֶע שְׁקָלִים, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין דֶעם אוֹצָר אִין גָאט'ס הוֹיז ׃

14 אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ דוּרְכְגֶעשְׁנִיטֶען מֵיין אַנְדֶערְן שְׁטֶעקֶען חוֹבְלִים, כְּדֵי צוּ צוּשְׁטֶערֶען דִיא בֶּעהֶעפְטוּנְג וָואס אִיז צְוִוישֶׁען יְהוּדָה אוּנְד צְוִוישֶׁען יִשְׂרָאֵל ׃

15 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, נֶעם דִיר נָאכְאַמָאל דִיא כֵּלִים פוּן אַ נַארִישֶׁען פַּאסְטוּךְ ׃

16 וָוארִין, זֶעה, אִיךְ װֶעל אױפְשְׁטֶעלֶען אַ פַּאסְטוּךְ אִין דֶעם לַאנְד וָואס װֶעט נִיט גֶעדֶענְקֶען דִיא וָואס װֶערֶען פֶערְמִיטֶען אוּנְד עֶר װֶעט נִיט זוּכֶען דִיא יוּנְגֶע, אוּנְד דִיא צוּבְּרָאכֶענֶע װֶעט עֶר נִיט הֵיילֶען, אוּנְד עֶר װֶעט אױךְ נִיט

דֶערְנֶעהְרֶען דִיא וָואס שְׁטֵייעֶן שְׁטִיל,
גֵייעֶרְט עֶר. וֶועט עֶסֶען דָאס פְלֵיישׁ
פוּן דִיא פֶעטֶע אוּנְד עֶר וֶועט שְׁפַּאלְטֶען
זֵייעֶרֶע קְלוֹיעֶן׃
17 אוֹי וֵוייא צוּ דִיא נַארִישֶׁע פַּאסְ־
טוּכֶערְס וָואס פֶערְלָאזֶען דִיא שָׁאף!
דָאס שְׁוֶוערְד וֶועט זַיין אוֹיף זַיין אָרֶעם,
אוּנְד אוֹיף זַיין רֶעכְטֶעס אוֹיג, זַיין
אָרֶעם וֶועט אִים גַאנְצֶען פֶערְטְרִיקֶענְט
וֶוערֶען אוּנְד זַיין רֶעכְטֶעס אוֹיג וֶועט
אִים גַאנְצֶען טוּנְקֶעל וֶוערֶען׃

## קאפיטעל יב

1 דִיא מַשָׂא (נְבוּאָה) פוּן דֶעם וָוארְט
פוּן גָאט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי זָאגְט
גָאט, דֶער וָואס בְּרֵייט אוֹיס דִיא
הִימֶעלֶן אוּנְד גְרוּנְד־פֶעסְטִיגְט דִיא
עֶרְד, אוּנְד וָואס בֶּעשַׁאפְט דֶעם גֵייסְט
פוּן דֶעם מֶענְשׁ אִין צְווִישֶׁען אִיהְם׃
2 זֶעה, אִיךְ וֶועל מַאכֶען יְרוּשָׁלַיִם אַ
כּוֹס פוּן פֶערְטוֹימְלוּנְג צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער
רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיךְ זַיין
קֶעגֶען יְהוּדָה אִין דֶער בֶּעלַאגֶערוּנְג
אִיבֶּער יְרוּשָׁלַיִם׃
3 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג, אַזוֹי וֶועל אִיךְ מַאכֶען יְרוּשָׁלַיִם
אַלְס אַ שְׁוֶוערֶען שְׁטֵיין צוּ אַלֶע פֶעלְ־
קֶער, אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט
טְרָאגֶען דֶעם שְׁטֵיין וֶועט גֶעווִיס גֶע־
קְרַאצְט (אָדֶער צוּשְׁנִיטֶען) וֶוערֶען,
אוּנְד אַלֶע הֵיידֶען פוּן דֶער וֶועלְט
וֶועלֶען זִיךְ קֶעגֶען אִיהְר פֶערְזַאמְלֶען׃
4 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, זָאגְט גָאט,
וֶועל אִיךְ שְׁלָאגֶען אִיטְלִיכֶעס פֶערְד
מִיט פֶערְטוֹימְלוּנְג, אוּנְד זַיין רֵייטֶער
מִיט מְשׁוּגַעַת, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיפְ־
מַאכֶען מֵיינֶע אוֹיגֶען אִיבֶּער דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יְהוּדָה, אָבֶּער אִיטְלִיכֶעס
פֶערְד פוּן דִיא פֶעלְקֶער וֶועל אִיךְ
שְׁלָאגֶען מִיט בְּלִינְדְהֵייט׃
5 אוּנְד דִיא הַארֶען פוּן יְהוּדָה וֶועלֶען
זָאגֶען אִין זֵייעֶר הַארְץ, דִיא בֶּעווֹאוינֶער
פוּן יְרוּשָׁלַיִם וֶועלֶען זַיין פַאר מִיר אַ
שְׁטַארְקְהֵייט אִין יְהוָֹה צְבָאוֹת זֵייעֶר
גָאט׃
6 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועל אִיךְ
מַאכֶען דִיא הַארֶען פוּן יְהוּדָה גְלֵייךְ
ווִיא אַ פְלַאקֶער פֵייעֶר צְווִישֶׁען דִיא
פֶעלְקֶער, אוּנְד ווִיא אַ פְלַאם פֵייעֶר
וָואס בְּרֶענְט דִיא תְּבוּאָה, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען פֶערְבְּרֶענֶען אַלֶע פֶעלְקֶער אוֹיף
דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד אוּנְד אוֹיף דֶער
לִינְקֶער הַאנְד רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד
יְרוּשָׁלַיִם וֶועט בְּלֵייבֶּען אוֹיף אִיהְר
אָרְט, אַפִּילוּ אִין יְרוּשָׁלַיִם׃
7 אוּנְד גָאט וֶועט הֶעלְפֶען דִיא גֶע־
צֶעלְטֶער פוּן יְהוּדָה צוּם עֶרְשְׁטֶען,
כְּדֵי דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דֶעם הוֹיזְ־
גֶעזִינְד פוּן דָוִד זָאל זִיךְ נִיט גְרוֹיס
מַאכֶען, אוּנְד דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן
דִיא בֶּעווֹאוינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם אִיבֶּער
יְהוּדָה׃
8 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועט גָאט
זַיין אַ שִׁילְד אִיבֶּער דִיא אַיינְווֹאוינֶער
פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין
דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אַז דֶער שְׁטְרוֹי־
כֶעלְדִיגֶער (שְׁוַואכֶער) פוּן זֵייא וֶועט
זַיין אַזוֹי ווִיא דָוִד, אוּנְד דָאס הוֹיזְ־
גֶעזִינְד פוּן דָוִד ווִיא גָאט, אַזוֹי ווִיא
דֶער מַלְאָךְ פוּן יְהוָֹה פַאר זֵייעֶר פָּנִים׃
9 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג, אַזוֹי וֶועל אִיךְ זוּכֶען צוּ פֶערְ־
טִילְגֶען אַלֶע פֶעלְקֶער וָואס קוּמֶען
קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם׃
10 אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיסְגִיסֶען אִיבֶּער

דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דָוִד אוּנְד אִיבֶּער
דִיא אֵיינְוואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם דֶעם
רוּחַ פוּן חֵן אוּנְד גֶעבֶּעט, אוּנְד זַייא
וֶועלֶען אוֹיף מִיר קוּקֶען וָועמֶען זַייא
הָאבֶּען צוּשְׁטָאכֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען
אִיבֶּער אִיהְם קְלָאגֶען אַזוֹי וִויא אֵיינֶער
קְלָאגְט אִיבֶּער אַ (בֵּן)־יָחִיד, אוּנְד זַייא
וֶועלֶען זַיין אִין בִּיטֶערְקֵייט אִיבֶּער
אִיהְם, אַזוֹי וִויא אֵיינֶער אִיז אִין
בִּיטֶערְקֵייט וֶועגֶען אַ בְּכוֹר:
11 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועט דִיא
קְלָאג זַיין אַזוֹי גְרוֹיס אִין יְרוּשָׁלַיִם
אַזוֹי וִויא דִיא קְלָאג פוּן הֲדַדְרִמּוֹן אִין
דֶעם טְהָאל פוּן מְגִדּוֹן:
12 אוּנְד דָאס לַאנְד וֶועט קְלָאגֶען,
אִיטְלִיכֶע מִשְׁפָּחָה בֶּעזוּנְדֶער, דִיא
מִשְׁפָּחָה פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דָוִד
בֶּעזוּנְדֶער, אוּנְד זַיירֶע ווַייבֶּער בֶּעזוּנְ־
דֶער; דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד
פוּן נָתָן בֶּעזוּנְדֶער, אוּנְד זַיירֶע ווַייבֶּער
בֶּעזוּנְדֶער:
13 דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד
פוּן לֵוִי בֶּעזוּנְדֶער אוּנְד זַיירֶע ווַייבֶּער
בֶּעזוּנְדֶער, דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן דֶעם
שִׁמְעִי בֶּעזוּנְדֶער אוּנְד זַיירֶע ווַייבֶּער
בֶּעזוּנְדֶער:
14 אַלֶע אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע מִשְׁפָּחוֹת,
אִיטְלִיכֶע מִשְׁפָּחָה בֶּעזוּנְדֶער אוּנְד
זַיירֶע ווַייבֶּער בֶּעזוּנְדֶער:

קאפיטעל יג

1 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועט זַיין
אַיין אוֹיפְגֶעמַאכְטֶער קְווַאל צוּ דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דָוִד אוּנְד צוּ דִיא
בֶּעווֹאוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, פַאר זִינְד
אוּנְד אוּמְרֵיינִיגְקֵייט:
2 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְזֶעלְבִּי־
גֶען טָאג, זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת, אַזוֹי
וֶועל אִיךְ פֶערְשְׁנֵיידֶען דִיא נֶעמֶען
פוּן דִיא גֶעצֶען פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד
זַייא וֶועלֶען נִיט מֶעהְר גֶעדַאכְט
וֶוערֶען, אוּנְד אוֹיךְ דִיא פַאלְשֶׁע נְבִיאִים
אוּנְד דִיא אוּמְרֵיינֶע רוּחוֹת וֶועל אִיךְ
מַאכֶען אִיבֶּערְפָארֶען (אַוֶועקְגֵיין) אוֹיס
דֶעם לַאנְד:
3 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז אֵיינֶער וֶועט
נָאךְ (פַאלְשׁ) נְבִיאוֹת זָאגֶען, אַזוֹי
וֶועלֶען זַיין פָאטֶער אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער
וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעבּוֹירֶען, זָאגֶען,
דוּא טָארְסְט נִיט לֶעבֶּען, ווַייל דוּא
הָאסְט גֶערֶעט לִיגֶען אִין דֶעם נָאמֶען
פוּן יְהֹוָה; אוּנְד זַיין פָאטֶער אוּנְד
זַיינֶע מוּטֶער וָואס הָאבֶּען אִיהְם
גֶעבּוֹירֶען וֶועלֶען אִיהְם דוּרְכְשְׁטֶעכֶען,
וֶוען עֶר זָאגְט פַאלְשׁ נְבִיאוֹת:
4 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג אַזוֹי וֶועלֶען דִיא (פַאלְשֶׁע) נְבִיאִים
זִיךְ אַלֵיין שֶׁעמֶען אִיטְלִיכֶער פוּן וֶועגֶען
זַיינֶע זֶעהוּנְגֶען אוּנְד זַיין נְבִיאוֹת
זָאגֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען זִיךְ נִיט
אָנְקְלֵיידֶען מִיט אַ הָארִיגֶען מַאנְטֶעל
כְּדֵי לִיגֶען צוּ זָאגֶען:
5 נֵייעֶרְט עֶר וֶועט זָאגֶען אִיךְ בִּין
נִיט קֵיין נָבִיא,—אִיךְ בִּין אֵיין אַקֶערְס־
מַאן, וָוארִין מֶען הָאט מִיךְ גֶעלֶערְנְט
רִינְדֶער צוּ הִיטֶען פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד
אָן:
6 אוּנְד מֶען וֶועט צוּ אִיהְם זָאגֶען,
וָואס זֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע וְואוּנְדֶען
צְווִישֶׁען דֵיינֶע הֶענְד? אוּנְד עֶר וֶועט
זָאגֶען, דָאס זֶענֶען דִיא וְואוּנְדֶען מִיט
וָואס מֶען הָאט מִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען אִין
דֶעם הוֹיז פוּן מֵיינֶע לִיבְּהָאבֶּערְס:
7 דוּא שְׁוֶוערְט דֶערְוֶועק דִיךְ קֶעגֶען
מֵיין פַאסְטוּךְ, אוּנְד קֶעגֶען דֶעם מַאן

וָואס אִיז מִיר גְלַייךְ, (אַ חַבֵר) זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת, שְׁלָאג דֶעם פַּאסְטוּךְ, אוּנְד דִיא שָׁאף וֶועלֶען צוּשְׁטְרֵייט וֶוערֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל מֵיינֶע הַאנְד צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דִיא יוּנְגֶע (קְלֵיינֶע שֶׁעפֶּעלֶעךְ):

8 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד זָאגְט יְהֹוָה, אַז צְווֵייא חֲלָקִים וֶועלֶען פֶערְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען, אוּנְד אֵיין דְרִיט חֵלֶק וֶועט דְרִינֶען אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען:

9 אוּנְד דָאס דְרִיט־חֵלֶק וֶועל אִיךְ דוּרְכְבְּרֶענְגֶען דוּרְךְ דֶעם פֵייעֶר, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא לֵייטֶערְן אַזוֹי וִויא זִילְבֶּער וֶוערְט גֶעלֵייטֶערְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא פְּרִיפֶען אַזוֹי וִויא גָאלְד וֶוערְט גֶעפְּרִיפְט, עֶר וֶועט אָנְרוּפֶען מֵיין נָאמֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם עֶנְטְפֶערְן, אִיךְ וֶועל זָאגֶען עֶר אִיז מֵיין פָאלְק, אוּנְד עֶר וֶועט זָאגֶען יְהֹוָה אִיז מֵיין גָאט:

## קאפיטעל יד

1 זֶעה, אַ טָאג קוּמְט פוּן גָאט, אוּנְד דֶער זַאק־רוֹיבּ וֶועט צְווִישֶׁען דִיר צוּטֵיילְט וֶוערֶען:

2 אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְזַאמֶעלְן אַלֶע גוֹיִם קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם צוּ מִלְחָמָה, אוּנְד דִיא שְׁטָאט וֶועט אֵיינְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען בֶּערוֹיבֶּען דִיא הֵייזֶער, אוּנְד דִיא וַוייבֶּער וֶועלֶען בֶּעצְוָואוּנְגֶען וֶוערֶען אוּנְד אַ הַאלְבֶּע שְׁטָאט וֶועט אַרוֹיסְגֵיין אִין גָלוּת, אָבֶּער דָאס אִיבְּרִיגֶע פָאלְק וֶועט נִיט פֶערְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן דֶער שְׁטָאט:

3 אוּנְד גָאט וֶועט אַרוֹיסְגֵיינא וּנְד מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דִיא דָאזִיגֶע גוֹיִם אַזוֹי וִויא עֶר הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען אִין דֶעם מִלְחָמָה טָאג:

4 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועלֶען זַיינֶע פִיס שְׁטֵיין אוֹיף דֶעם הַר הַזֵיתִים וָואס אִיז פַאר יְרוּשָׁלַיִם, אַן דֶער מִזְרַח־זַייט, אוּנְד דֶער הַר הַזֵיתִים וֶועט גֶעשְׁפָּאלְטֶען וֶוערֶען אִין דֶער מִיטֶען, נָאךְ מִזְרַח אוּנְד נָאךְ מַעֲרָב צוּ אֵיין גְרוֹיסֶען טְהָאל, אֵיין הַאלְבֶּער בַּארְג וֶועט אַוֶועקְגֶערִיקְט וֶוערֶען נָאךְ צָפוֹן־זַייט, אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע הֶעלְפְטֶע נָאךְ דָרוֹם־זַייט צוּ:

5 אוּנְד אִיהְר וֶועט עֶנְטְלוֹיפֶען צוּ דֶעם טְהָאל פוּן דִיא בֶּערְג, וָוארִין דָאס טְהָאל פוּן דִיא בֶּערְג וֶועט גְרֵייכֶען צוּ אָצַל, אוּנְד אִיהְר וֶועט עֶנְטְלוֹיפֶען אַזוֹי וִויא אִיהְר זֶענְט עֶנְטְלָאפֶען פַאר דֶעם שְׁטוּרְם אִין דִיא טֶעג פוּן עֻזִיָה מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה, אוּנְד יְהֹוָה מֵיין גָאט וֶועט קוּמֶען אוּנְד אַלֶע הֵיילִיגֶע מִיט דִיר:

6 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אַזוֹי וֶועט נִיט זַיין קֵיין רֶעכְטֶעס לִיכְט, נֵייעֶרְט דָאס טֵייעֶרֶע לִיכְט וֶועט זַיין וִויא דִיקֶע נֶעבֶּעל:

7 אָבֶּער עֶס וֶועט זַיין אֵיין טָאג וָואס וֶועט בֶּעקַאנְט זַיין צוּ גָאט, נִיט אַ (גֶעוֶועהְנְלִיכֶער) טָאג, אוּנְד נִיט אַ (גֶעוֶועהְנְלִיכֶע) נַאכְט, אָבֶּער עֶס וֶועט זַיין צוּ אָבֶּענְד־צַייט אַזוֹי וֶועט עֶס זַיין לִיכְטִיג:

8 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, אַזוֹי וֶועלֶען אַרוֹיסְגֵיין לֶעבֶּעדִיגֶע וַואסֶערְן פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אַ הֶעלְפְט צוּ דֶעם יַם פוּן מִזְרַח־זַייט צוּ, אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע הֶעלְפְט צוּ דֶעם הִינְטֶערְשְׁטֶען יַם אִין מַעֲרָב־זַייט, אוּנְד דֶער קְוַואל זָאל זַיין אִין דֶעם זוּמֶער אוּנְד וִוינְטֶער:

9 אונד יְהוָה װעט זײַן קעניג איבּער
דיא גאַנצע װעלט. אין דעמזעלבּיגען
טאָג װעט זײַן אײן יְהוָה אונד זײַן
נאָמען װעט זײַן אײנער:
10 דאָס גאַנצע לאַנד װעט װערען
גערינגעלט אַזוי װיא אַ גלײַכער פּלאַץ,
פון גֶבַע בּיז נאָך רִמּוֹן אַן דער
דרום־זײַט פון יְרוּשָׁלַיִם, אונד עס
װעט דערהויבּען װערען, אונד װעט
בּעװאוינט בּלײַבּען אויף איהר אָרט,
פון דעם טויער בִּנְיָמִין בּיז צו דעם
אָרט פון דעם ערשטען טויער, בּיז
צו דעם עק טויער, אונד פון דעם
טהורעם פון חֲנַנְאֵל בּיז צו דעם
קעניגס קעלטער:
11 אונד זײא װעלען אין איהר
װאוינען, אונד עס װעט קײן שום
חֵרֶם ניט מעהר זײַן, גײערט יְרוּשָׁלַיִם
װעט אין איהר זיכערהײט בּעװאוינט
װערען:
12 אונד דאָס װעט זײַן דיא מַגֵּפָה
מיט װאָס גאָט װעט שלאָגען אַלע
פעלקער װאָס װעלען זיך לאַגערן
קעגען יְרוּשָׁלַיִם, דאָס פלײש װעט
פון איטליכען צוגײן װען ער שטײט
אויף זײַנע פיס, אונד זײַנע אויגען
װעלען צוגײן אין זײערע לעכער, אונד
זײַנע צונג װעט צוגײן אין זײער
מויל:
13 אונד עס װעט זײַן אין דעמזעלבּי־
גען טאָג, דאָס עס װעט זײַן אַ
גרויסע פערמומלונג פון גאָט צװישען
זײא, אונד זײא װעלען אָנכאַפּען אײנער
דעם אַנדערנס האַנד, אונד זײַנע
האַנד װעט אויפגעהויבּען װערען קעגען
זײַן חֲבֵר׳ס האַנד:
14 אונד יְהוּדָה װעט אויך מִלְחָמָה
האַלטען אין יְרוּשָׁלַיִם, אונד דאָס
פערמעגען פון אַלע גוים רינגס אַרום
װעט אײנגעזאַמעלט װערען, גאָלד,
זילבּער אונד קלײדער זעהר פיל:
15 אונד גראָד אַזוי װעט אויך זײַן
דיא מַגֵּפָה פון דיא פערד, דיא
מויל־אײזלען, פון דיא קעמעלן אונד
אײזלען, אונד פון אַלערלײא בְּהֵמוֹת
װאָס װעלען זײַן אין דיא דאָזיגע
מַחֲנוֹת, אַזוי װיא דיא דאָזיגע מַגֵּפָה:
16 אונד עס װעט זײַן דאָס איטליכער
װאָס איז איבּערגעבּליבּען פון אַלע
גוים װאָס זענען געקומען קעגען
יְרוּשָׁלַיִם, זײא זאָלען אַרויפגײן פון
יאָהר צו יאָהר כְּדֵי זיך צו בּיקען
פאַר דעם מֶלֶךְ יְהוָה צְבָאוֹת, אונד צו
פײַערן דעם חַג הַסּוּכּוֹת:
17 אונד עס װעט זײַן, דאָס דער
װאָס װעט ניט אַרויפגײן פון אַלע
מִשְׁפָּחוֹת פון דער ערד נאָך יְרוּשָׁלַיִם
כְּדֵי זיך צו בּיקען פאַר דעם מֶלֶךְ
יְהוָה צְבָאוֹת, איבּער זאָלכע װעט ניט
זײַן קײן רעגען:
18 אונד װען דיא מִשְׁפָּחוֹת פון
מִצְרַיִם װעלען ניט אַרויפגײן, אונד
זײא װעלען ניט קומען, אַזוי װעט
איבּער זײא ניט זײַן (קײן רעגען),
דאָס װעט זײַן דיא מַגֵּפָה מיט װאָס
גאָט װעט שלאָגען דיא גוים װאָס
װעלען ניט אַרויפגײן צו פײַערן דעם
יום טוב פון סוכּות:
19 דאָס װעט זײַן דיא זינד פון
מִצְרַיִם, אונד דיא זינד פון אַלע גוים
װאָס װעלען ניט אַרויפגײן צו פײַערן
דעם יום טוב פון סוכּות:
20 אין דעם דאָזיגען טאָג װעלען
זײַן דיא גלעקלעך פון דיא פערד

הײליג צו גאט, אוּנד (אױך) דיא
טעפּ אין דעם בּית המקדש זאָלען
זײן אַזױ װיא דיא שפּרענג־בּעקען
פוּן פאַר דעם מזבּח:
21 אוּנד איטליכער טאָפּ אין ירוּשלים
אוּנד אין יהוּדה װעט זײן הײליג צוּ
יהוה צבאות, אוּנד אַלע װאָס װענען
מקריב קרבּנות, זײא זאָלען נעמען
דערפוּן אוּנד אין זײא קאָכען, אוּנד
עס װעט ניט מעהר זײן קײן כּנעני
(אָדער סוחר) אין דעם הױז פוּן
יהוה צבאות אין דעמזעלבּיגען טאָג:

# מלאכי.

1 דיא משׂא (נבוּאָה) פוּן גאָט צוּ
ישׂראל דוּרך מלאָכי:
2 איך האָבּ אײך געליבּט, זאָגט
יהוה, אוּנד דאָך זאָגט איהר, מיט
װאָס האָסט דוּא אוּנס געליבּט? איז
דען ניט עשׂו געװעזען יעקוב׳ס בּרוּדער?
זאָגט גאָט, אוּנד דאָך האָבּ איך
יעקב׳ן געליבּט:
3 אָבּער עשׂו האָבּ איך פײנד געהאַט,
אוּנד איך האָבּ זײנע בּערג װיסט
געמאַכט, אוּנד זײן נחלה האָבּ איך
געגעבּען פאַר דיא דראַכען שלאַנגען
אין דער מדבּר:
4 װען אֱדוֹם װעט זאָגען, מיר זענען
פערארעמט געװאָרען, אָבּער מיר
װעלען צוּריקקעהרען אוּנד אױפבּױען
דיא חוּרבוֹת, אָבּער אַזױ זאָגט יהוה
צבאות, זײא מעגען אױפבּױען, אָבּער
איך װעל עס אָפּבּרעכען, אוּנד זײא
װעלען עס רוּפען דיא גרענעץ פוּן
רשעוּת, אוּנד דאָס איז אַ פאָלק
איבּער װעמען גאָט איז אױף אײבּיג
צאָרניג:
5 אוּנד אײערע אױגען װעלען עס
זעהען, אוּנד איהר װעט זאָגען, לאָז
גאָט גרעסער זײן איבּער אַלע גרע־
נעצען פוּן ישׂראל:
6 אַ זוּהן האַלט בּכבוֹד זײן פאָטער,
אוּנד אַ קנעכט זײן האַר, אוּנד װען
איך בּין אַ פאָטער אַװוּ איז מײן
כּבוֹד? אוּנד װען איך בּין אַ האַר
(האַרען אדוֹנים) אַװוּ איז מײן מוֹרא?
זאָגט יהוה צבאוֹת צוּ אײך כּוֹהנים
װאָס איהר זענט מבזה מײן נאָמען;
אוּנד דאָך זאָגט איהר, מיט װאָס
זענען מיר מבזה דײן נאָמען?
7 (מיט דעם) װאָס איהר זענט מקריב
אױף מײן מזבּח אײנגעריכטעס בּרױט,
אוּנד דאָך זאָגט איהר, מיט װאָס
האָבּען מיר דיך פעראוּמװערדיגט?
מיט דעם װאָס איהר זאָגט, דער טיש
פוּן גאָט איז פעראַכטעט:
8 אוּנד װען איהר זענט מקריב אַ
בּלינדעס־קרבּן, איז דאָס ניט שלעכט?
אוּנד װען איהר זענט מקריב דאָס
לאָמע אָדער קראַנקע, איז דאָס ניט
שלעכט? בּרענג דאָך דאָס אַלס קרבּן
צוּ דײן האַר, װעט עס איהם געפעלען,

אָדער װעט ער עס אָנגעמען ? זאָגט
יְהוָה צְבָאוֹת :
9 אָבער אַצונד, בעטעט דאָך אָן
דאָס פָּנִים פון גאָט אַז ער זאָל אונדז
לייטזעליגען, דאָס איז פון אייערע הענד
געװעזען, װעט ער דען דאָס פון אייך
אָנגעמען ? זאָגט יְהוָה צְבָאוֹת :
10 װער איז דען אונטער אייך װאָס
װיל פערשליסען דיא טירען, אונד ניט
אַ פייער אָנצינדען אויף מיין מִזְבֵּחַ
בְּחִנָּם ? איך האָב קיינע לוסט אין
אייך זאָגט יְהוָה צְבָאוֹת, אונד איך
װעל אויך ניט אָנגעמען אַ מִנְחָה פון
אייערע הענד :
11 װאָרין פון דעם אויפגיין פון דיא
זון ביז צו דעם אונטערגיין װעט מיין
נאָמען גרויס זיין צװישען דיא גוֹיִם,
אונד אויף איטליכען אָרט װעט מען
מַקְרִיב זיין קְטוֹרֶת אונד אַ ריין קָרְבָּן
מִנְחָה צו מיין נאָמען, װאָרין מיין
נאָמען װעט זיין גרויס צװישען דיא
גוֹיִם, זאָגט יְהוָה צְבָאוֹת :
12 אָבער איהר האָט (מיין נאָמען)
מְחַלֵּל געװעזען, אין דעם װאָס איהר
האָט געזאָגט, דער טיש פון גאָט איז
איינגעריכט, דאָס שפּייז־אָפּפער דערך־
פון איז פעראַכטעט :
13 אונד איהר זאָגט אויך, װעה, װאָס
פאַר אַ מִיה דאָס איז ! אונד איהר
בלאָזט עס אַװעק, זאָגט יְהוָה צְבָאוֹת,
אונד איהר ברענגט דאָס געראויבטע,
אונד דאָס לאָמע, אונד דאָס קראַנקע,
אויף אַזאַ איין אופן ברענגט איהר
אַ קָרְבָּן מִנְחָה, אונד זאָל איך דאָס
אָנגעמען פון אייערע הענד ? זאָגט
גאָט :
14 אָבער פערפלוכט איז דער בעטריי־
גער װאָס האָט אין זיינע סטאַדע אַ
זָכָר, אונד איז עס מְנַדֵּר, אָבער ער
שעכט אַ פערדאָרבענעס פאַר דעם
האַר, װאָרין איך בין אַ גרויסער
קעניג, זאָגט יְהוָה צְבָאוֹת, אונד מיין
נאָמען איז פערכטערליך צװישען דיא
גוֹיִם :

## קאפיטעל ב

1 אונד אַצונד איז צו אייך כֹּהֲנִים
דיא דאָזיגע מִצְוָה :
2 װען איהר װעט עס ניט װעלען
הערען, אָדער װען איהר װעט עס
ניט צו האַרץ נעמען, כְּדֵי צו געבען
כָּבוֹד צו מיין נאָמען, זאָגט יְהוָה
צְבָאוֹת, אַזוי װעל איך איבער אייך
שיקען דיא קְלָלָה, אונד איך װעל
פערשעלטען אייערע בְּרָכוֹת, יאָ, איך
האָב עס שוין אָנגעהויבען צו פער־
שעלטען װייל איהר טהוט עס ניט צו
האַרץ געמען :
3 װעה, איך װעל צו אייך פערשעלטען
דעם זאָמען, אונד איך װעל אויס־
שטרייען מיסט אויף אייער פָּנִים,
יאָ, מיסט אויף אייערע יָמִים טוֹבִים,
אונד מען װעט אייך אַפִּילוּ דערצו
אַהינטראָגען :
4 אונד איהר זאָלט װיסען אַז איך
האָב צו אייך געשיקט דיא דאָזיגע
מִצְוָה, כְּדֵי מיין בְּרִית זאָל זיין מיט
לֵוִי, זאָגט יְהוָה צְבָאוֹת :
5 מיין בְּרִית איז מיט איהם געװעזען
װעגען לעבען אונד שָׁלוֹם, אונד איך
האָב דאָס צו איהם געגעבען װעגען
דער פאָרכט װאָס זייא זאָלען מיך
פאָרכטען, אונד פון װעגען מיין נאָמען
איז ער דערשראָקען :
6 דיא תּוֹרָה פון אֱמֶת איז געװעזען

אין

אִין זַיין מויל, אוּנְד קֵיין אוּמְרֶעכְטְס אִיז נִיט גֶעפוּנֶען גֶעוָואָרֶען אִין זַיינֶע לִיפֶּען, עֶר אִיז מִיט מִיר גֶעגַאנְגֶען בְּשָׁלוֹם אוּנְד מִיט אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט, אוּנְד עֶר הָאט פִּילֶע אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט פוּן אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט:

7 וָוארִין דִיא לִיפֶּען פוּן דֶעם כֹּהֵן זָאלֶען הִיטֶען דִיא וִויסֶענְשַׁאפְט, אוּנְד דִיא תּוֹרָה זָאל מֶען פֶערְלַאנְגֶען (זוּכֶען) פוּן זַיין מויל, וָוארִין עֶר אִיז אַ מַלְאָךְ פוּן יְהוָֹה צְבָאוֹת:

8 אָבֶּער אִיהְר הָאט אֵייךְ אָפְּגֶע־קֶעהְרְט פוּן דֶעם וֶועג, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעמַאכְט פִּילֶע שְׁטְרוֹיכְלֶען אִין דֶער תּוֹרָה, אִיהְר הָאט פֶערְדָארְבֶּען דֶעם בְּרִית מִיט לֵוִי, זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת:

9 אַזוֹי וֶועל אִיךְ אֵייךְ אוֹיךְ מַאכֶען פַאר פֶערַאכְטֶעטֶע אוּנְד נִידְרִיגֶע לֵייט צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, גְרָאד אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט נִיט גֶעהִיט מֵיינֶע וֶועגֶען, אוּנְד אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען נוֹשֵׂא פָּנִים אִין דֶער תּוֹרָה:

10 הָאבֶּען מִיר דֶען נִיט אַלֶע אֵיין פָאטֶער? הָאט אוּנְס נִיט אַלֶע אֵיין גָאט בֶּעשַׁאפֶען? פַארְוָואס זֶענֶען מִיר פַאלְשׁ אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן, מְחַלֵּל צוּ זַיין דֶעם בְּרִית פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן?

11 יְהוּדָה הָאט גֶעפֶעלְשְׁט, אוּנְד אוּמְוֶוערְדִיגֶעס וֶוערְט גֶעטְהוּן אִין יִשְׂרָאֵל אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם, וָוארִין יְהוּדָה הָאט מְחַלֵּל גֶעוֶועזֶען דִיא הֵיילִיגְקֵייט פוּן גָאט וַוייל עֶר הָאט גֶעלִיבְּט אוּנְד הָאט גֶעהֵיירַאט אַ טָאכְטֶער פוּן אַ פְרֶעמְדֶען גָאט:

12 גָאט וֶועט פֶערְטִילְגֶען דֶעם מַאן וָואס וֶועט דָאס טְהוּן, דֶעם וָואס פְרֶעגְט אוּנְד דֶעם וָואס עֶנְטְפֶערְט פוּן דִיא גֶעצֶעלְטֶען פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד דֶעם וָואס וֶועט גֶענֶעהֶענֶען אַ קָרְבָּן מִנְחָה צוּ יְהוָֹה צְבָאוֹת:

13 דָאס הָאט אִיהְר נָאכְאַמָאל גֶעטְהוּן, אִיהְר בֶּעדֶעקְט דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן גָאט מִיט טְרֶערֶען, גֶעוויין אוּנְד קְרֶעכְצֶען, אוּנְד דָאךְ וַוייל עֶר זִיךְ נִיט קֶעהְרֶען צוּ דֶער מִנְחָה, אוּנְד וִויל עֶס נִיט אָנְגֶענֶעמֶען פוּן אֵיירֶע הֶענְד:

14 אָבֶּער אִיהְר זָאגְט פַארְוָואס? וַוייל גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין עֵדוּת צְוִוישֶׁען מִיר אוּנְד צְוִוישֶׁען דֶעם וַוייבּ פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד, דָאס דוּא הָאסְט קֶעגֶען אִיהְר פַאלְשׁ גֶעהַאנְדֶעלְט, אוּנְד דָאךְ אִיז זִיא דֵיין חֲבֶרְתֶּה אוּנְד דָאס וַוייבּ פוּן דֵיין בְּרִית:

15 הָאט עֶר דֶען נִיט (זִייא) גֶעמַאכְט אֵיינְס, אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע רוּחוֹת גֶעהֶערֶען צוּ אִיהְם, אוּנְד פַארְוָואס אֵיינֶער? כְּדֵי עֶר זָאל זוּכֶען אַ גֶעטְ־לִיכֶען זָאמֶען, דַארִיבֶּער זָאלְט אִיהְר אֵייךְ הִיטֶען אִין אֵיירֶע גֵייסְטֶער, אוּנְד הַאנְדֶעלְט נִיט פַאלְשׁ קֶעגֶען דֶעם וַוייבּ פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד:

16 וָוארִין יְהוָֹה, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל זָאגְט, דָאס עֶר הַאסְט דָאס אַוֶועקְשִׁיקֶען (גֵט גֶעבֶּען), אוּנְד דֶעם וָואס דֶעקְט צוּ רוֹיבֶּערַייא מִיט זַיין קְלֵייד, זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת, דַארִיבֶּער זָאלְט אִיהְר אֵייךְ הִיטֶען אִין אֵיירֶע גֵייסְטֶער, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט פַאלְשׁ הַאנְדֶעלְן:

17 אִיהְר הָאט גָאט מִיד גֶעמַאכְט מִיט אֵיירֶע וֶוערְטֶער, אוּנְד דָאךְ זָאגְט אִיהְר מִיט וָואס הָאבֶּען מִיר אִיהְם מִיד גֶעמַאכְט? מִיט דֶעם וָואס אִיהְר זָאגְט, אַז דֶער וָואס טְהוּט שְׁלֶעכְטְס,

דָאס אִיז גוּט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט,
אוּנְד עֶר הָאט לוּסְט אִין זֵייא, אָדֶער,
אַװוּ אִיז דֶער גָאט פוּן דֶעם מִשְׁפָּט:

## קאפיטעל ג

1 זֶעהְט, אִיךְ װֶעל שִׁיקֶען מֵיין מַלְאָךְ,
אוּנְד עֶר װֶעט צוּבְּרֵייטֶען דֶעם װֶעג
פַאר מִיר, אוּנְד פְּלוּצְלוּנְג װֶעט עֶר
קוּמֶען צוּ זֵיין טֶעמְפֶּעל דֶער הַאר
װֶעמֶען אִיהְר זוּכְט, אוּנְד דֶער מַלְאָךְ
הַבְּרִית װֶעמֶען אִיהְר בֶּעגֶעהְרְט, זֶעהְט,
עֶר קוּמְט אָן, זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת:
2 אָבֶּער װֶער װֶעט קֶענֶען אוֹיסְהַאלְ־
טֶען דֶעם טָאג פוּן זֵיין אָנְקוּמֶען?
אוּנְד װֶער װֶעט קֶענֶען בֶּעשְׁטֵיין װֶוען
עֶר װֶעט זִיךְ בֶּעװֵייזֶען? װָארִין עֶר
אִיז אַזוֹי װִיא אַ זִילְבֶּער־שְׁמֶעלְצֶער'ס
פֵייעֶר, אוּנְד אַזוֹי װִיא אַ װַאשֶׁערְס
זֵייף:
3 אוּנְד עֶר װֶעט זִיצֶען אַזוֹי װִיא אַ
שְׁמֶעלְצֶער אוּנְד װָאס רֵיינִיגְט זִילְבֶּער,
אוּנְד עֶר װֶעט רֵיינִיגֶען דִיא קִינְדֶער
פוּן לֵוִי, אוּנְד עֶר װֶעט זֵייא לֵייטֶערְן
אַזוֹי װִיא גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער װֶערְט
גֶעלֵייטֶערְט, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען מַקְרִיב
זֵיין צוּ גָאט אַ קָרְבָּן מִנְחָה מִיט
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט:
4 אוּנְד דֶערְנָאךְ װֶעלֶען דִיא קָרְבָּן
מִנְחוֹת פוּן יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם זֵיין
אָנְגֶענֶעהְם צוּ גָאט, אַזוֹי װִיא אִין דִיא
אַלְטֶע טֶעג אוּנְד אַזוֹי װִיא אִין דִיא
פְרִיהֶערִיגֶע יָאהְרֶען:
5 אוּנְד אִיךְ װֶעל מִיךְ צוּ אֵייךְ גֶע־
נֶעהְנֶען, צוּ דֶעם מִשְׁפָּט, אוּנְד אִיךְ
װֶעל זֵיין אַ גֶעשְׁװִינְדֶער עֵדוּת קֶעגֶען
דִיא מְכַשְּׁפִים, אוּנְד קֶעגֶען דִיא נוֹאֲפִים,
אוּנְד קֶעגֶען דִיא װָאס שְׁװֶערֶען פַאלְשׁ,
אוּנְד קֶעגֶען דִיא װָאס רוֹיבֶּען דֶעם
שְׂכַר פוּן דֶעם גֶעדוּנְגֶענֶעם, דִיא
אַלְמָנָה אוּנְד דֶעם יָתוֹם, אוּנְד קֶעגֶען
דֶעם װָאס נֵייגְט אָפּ (דָאס מִשְׁפָּט פוּן)
דֶעם גֵר, אוּנְד עֶר װִיל מִיךְ נִיט
פָארְכְטֶען, זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת:
6 װָארִין אִיךְ בִּין יְהֹוָה, אִיךְ פֶערְ־
עֶנְדֶער מִיךְ נִיט, דַארִיבֶּער, אוֹי אִיהְר
קִינְדֶער פוּן יַעֲקֹב, זֶענְט אִיהְר נִיט
פֶערְטִילְגְט!
7 נָאךְ פוּן דִיא טֶעג פוּן אֵייעֶרֶע אָבוֹת
אָן הָאט אִיהְר אֵייךְ אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן
מֵיינֶע גֶעזֶעצֶע, אוּנְד אִיהְר הָאט זֵייא
נִיט גֶעהִיט, דַארוּם קֶעהְרְט אֵייךְ
צוּרִיק צוּ מִיר אַזוֹי װֶעל אִיךְ מִיךְ צוּ
אֵייךְ אוּמְקֶעהְרֶען, זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת,
אָבֶּער אִיהְר זָאגְט, מִיט װָאס זָאלֶען
מִיר צוּרִיקְקֶעהְרֶען?
8 זָאל אַ מֶענְשׁ גָאט רוֹיבֶּען? דָאךְ
הָאט אִיהְר מִיךְ בֶּערוֹיבְּט, אָבֶּער אִיהְר
זָאגְט, מִיט װָאס הָאבֶּען מִיר דִיךְ
בֶּערוֹיבְּט? מִיט דִיא מַעֲשְׂרוֹת אוּנְד
דִיא תְּרוּמוֹת:
9 אִיהְר זֶענְט פֶערְפְלוּכְט מִיט אַ
קְלָלָה, װָארִין אִיהְר הָאט מִיךְ בֶּערוֹיבְּט,
אַפִילוּ דָאס גַאנְצֶע פָאלְק:
10 בְּרֶענְגְט אַרֵיין אַלֶע מַעֲשְׂרוֹת צוּ
דֶעם אוֹצָר־הויז, כְּדֵי עֶס זָאל זֵיין
שְׁפֵּייז אִין מֵיין הויז, אוּנְד פְּרוּפְט מִיךְ
מִיט דֶעם דָאזִיגֶען, זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת,
אוֹיב אִיךְ װֶעל נִיט אוֹיפְמַאכֶען צוּ
אֵייךְ דִיא פֶענְסְטֶער פוּן דֶעם הִימֶעל,
אוּנְד אִיךְ װֶעל אוֹיסְגִיסֶען צוּ אֵייךְ
אַ בְּרָכָה בִּיז עֶס װֶעט זֵיין מֶעהְר װִיא
גֶענוּג:
11 אוּנְד אִיךְ װֶעל װֶעגֶען אֵייךְ אָנְ־
שְׁרֵייעֶן דֶעם אוֹיפֶעסֶער, אַז עֶר זָאל
נִיט פַאר אֵייךְ פֶערְדַארְבֶּען דִיא פֵּירוֹת

פון

פון דעם לאנד, אונד דאס דער
וויינשטאק זאל ניט פאר אייך פערר־
ווארפען דיא אונצייטיגע טרויבען אויף
דעם פעלד, זאגט יהוה צבאות:
12 אונד אלע פעלקער וועלען אייך
אנרופען גליקליך (אדער געבענשט),
וואָרין איהר וועט זיין אין א לוסטיגען
לאנד, זאגט יהוה צבאות:
13 אייערע ווערטער זענען געוועזען
שטארק קעגען מיר, זאגט גאט, אבער
איהר זאגט, וואס האבען מיר קעגען
דיר גערעט?
14 איהר האט געזאגט, וואס טויג
עס גאט צו דינען, אונד וואס וועלען
מיר געוואונען ווען מיר וועלען היטען
זיינע היטונג, אונד ווען מיר גייען
ארום פערשווארצט פאר יהוה צבאות:
15 אבער אצונד רופען מיר דיא
שטאלצע גליקליך, יוא, אפילו דיא
וואס ווערען אויפגעבויעט טהון רשעות,
אויך דיא וואס פריפען גאט ווערען
ענטרינען:
16 דענסטמאל וועלען דיא וואס
פארכטען גאט רעדען איינער מיט
דעם אנדערן, אונד גאט האט עס
פערנומען אונד ער האט עס געהערט,
אונד עס איז איינגעשריבען געווארען
אין דעם ספר זכרון, פאר דיא וואס
האבען מורא פאר גאט, אונד וואס
טראכטען אויף זיין נאמען:
17 אונד זייא וועלען מיין זיין, זאגט
יהוה צבאות, אין דעם טאג ווען איך
וועל (זייא) מאכען מיין אייגענטהום,
אונד איך וועל מיך איבער זייא
דערבארמען, אזוי וויא איינער דער־
בארמט זיך איבער זיין זוהן וואס
דינט איהם:
18 אונד איהר וועט אייך אומקעהרען
אונד איינזעהען צווישען דעם צדיק
אונד דעם רשע, צווישען דעם וואס
דינט גאט, אונד דער וואס דינט
איהם ניט:
19 וואָרין זעהט, דער טאג קומט אן,
וואס וועט ברענען אזוי וויא איין
אויבען, אונד אלע שטאלצע אונד אלע
וואס טהון בייז וועלען זיין אזוי וויא
שטרויא, אונד דער טאג וואס קומט
אן וועט זייא פערברענען, זאגט יהוה
צבאות, דאס עס וועט צו זייא ניט
איבערלאזען א ווארצעל אדער א צווייג:
20 אבער איבער אייך וואס איהר
פארכט מיין נאמען וועט שיינען דיא
זון פון גערעכטיגקייט, אונד מיט
היילונג אין איהרע פליגעלן, אונד
איהר וועט ארויסגיין אונד פעט ווערען
אזוי וויא דיא קעלבער אין דעם שטאל:
21 אונד איהר וועט צוטרעטען דיא
רשעים אונטער אייערע פיס, אין דעם
טאג וואס איך וועל מאכען, זאגט
יהוה צבאות:
22 געדענקט דיא תורה פון מיין
קנעכט משה, וואס איך האב איהם
געבאטען אין חורב פאר גאנץ ישראל,
מיט דיא געזעץ אונד משפטים:
23 זעהט, איך שיק צו אייך דעם
אליה הנביא, פאר דעם גרויסען אונד
פארכטערליכען טאג פון גאט:
24 אונד ער וועט אומקעהרען דאס
הארץ פון דיא אבות צו דיא קינדער,
אונד דאס הארץ פון דיא קינדער צו
זייערע אבות, כדי איך זאל ניט קומען
אונד שלאגען דיא ערד מיט א חרם:

חזק

אַללע פסוקים פֿון הושע זענען הונדערט אונד זיבען אונד נײַנציג :

〃 〃 יואל דרייא אונד זיבענציג :

〃 〃 עמוס הונדערט אונד זעכס אונד פֿירציג :

〃 〃 עובדיה איין אונד צוואנציג :

〃 〃 יונה אַכט אונד פֿירציג :

〃 〃 מיכה הונדערט אונד פֿינף :

〃 〃 נחום זיבען אונד פֿירציג :

〃 〃 חבקוק זעכס אונד פֿופֿציג :

〃 〃 צפניה דרייא אונד פֿופֿציג :

〃 〃 חגי אַכט אונד דרייסיג :

〃 〃 זכריה צווייא הונדערט אונד עלף :

〃 〃 מלאכי פֿינף אונד פֿופֿציג :

אַללע פסוקים פֿון תרי עשר זענען איין טויזענד אונד פֿופֿציג ; דיא העלפֿט דאפֿון איז מיכה קאפיטעל ג׳, י״ב ; אונד האט אים גאנצען זיבען אונד זעכציג קאפיטעל :

# כתובים

תהלים

משלי

איוב

שיר השירים

רות

איכה

קהלת

אסתר

דניאל

עזרא

נחמיה

דברי הימים א

דברי הימים ב

# תהלים

## ספר ראשון

1 וְואויל אִיז דֶעם מֶענְשׁ וָואס גֵייט
נִיט אִין דֶער עֵצָה פוּן דִיא רְשָׁעִים,
אוּנְד וָואס שְׁטֵייט נִיט אוֹיף דֶעם וֶועג
פוּן דִיא זִינְדֶער, אוּנְד וָואס זִיצְט נִיט
אַוְואוּ דִיא שְׁפֶּעטֶער זִיצֶען:
2 נֵייעָרְט עֶר הָאט לוּסְט צוּ דֶער
תּוֹרָה פוּן גָאט, אוּנְד דֶענְקְט טָאג
אוּנְד נַאכְט אִין זֵיינֶער תּוֹרָה:
3 דֶער וֶועט זַיין וִויא אַ בּוֹים וָואס
אִיז גֶעפְּלַאנְצְט בֵּייא וַואסֶער טֵייכֶען,
וָואס גֶעט זֵיינֶע פְּרוּכְט אִין זֵיינֶע צֵייט,
אוּנְד זֵיינֶע בְּלֶעטֶער וֶוערֶען נִיט פֶּערְ־
וֶועלְקְט, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר וֶועט
טְהוּן וֶועט בֶּעגְלִיקֶען:
4 אָבֶּער דִיא רְשָׁעִים זֶענֶען נִיט אַזוֹי,
נֵייעָרְט אַזוֹי וִויא פְּלַאוִוי וָואס דֶער
ווִינְד פֶּערשְׁטוֹיסְט:
5 דַארוּם וֶועלֶען דִיא רְשָׁעִים נִיט
קֶענֶען בֶּעשְׁטֵיין אִין דֶעם מִשְׁפָּט, אוּנְד
דִיא זִינְדֶער אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע פוּן
דִיא צַדִיקִים:
6 וָוארִין גָאט וֵוייס דֶעם וֶועג פוּן
דִיא צַדִיקִים, אָבֶּער דֶער וֶועג פוּן דִיא
רְשָׁעִים וֶועט פֶּערְלוֹירֶען וֶוערֶען:

### תהלים ב

1 וַוארוּם שְׁטוּרְמֶען דִיא פֶּעלְקֶער,
אוּנְד דִיא אוּמוֹת טְרַאכְטֶען לֶערְקֵייט?
2 דִיא מְלָכִים פוּן דֶער עֶרְד הָאבֶּען
זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנְד דִיא רַאטְ־
הַארֶען הָאבֶּען זִיךְ מִיט אֵיין אַנְדֶער
בֶּערַאטֶען קֶעגֶען יְהוָֹה אוּנְד קֶעגֶען
זֵיין מָשִׁיחַ:
3 לָאמֶער צֶערְרֵייסֶען זֵיינֶע בִּינְדְ־
רִימֶען, אוּנְד מִיר וֶועלֶען פוּן אוּנְס
אַוֶועקְוַוארְפֶען זֵיינֶע שְׁטְרִיק:
4 אָבֶּער דֶער וָואס זִיצְט אִין דֶעם
הִימֶעל לַאכְט, דֶער הַאר (גָאט) שְׁפָּאט
פוּן זֵייא:
5 דֶענְסְטְמָאל וֶועט עֶר צוּ זֵייא
רֶעדֶען אִין זֵיין צָארְן, אוּנְד עֶר וֶועט
זֵייא דֶערשְׁרֶעקֶען מִיט זֵיין גְרִימְצָארְן:
6 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אֵיינְגֶעזֶעצְט מֵיין
קֶענִיג אוֹיף מֵיין הֵיילִיגֶען בַּארְג צִיוֹן:
7 אִיךְ וֶועל עֶס דֶערְצֵיילֶען אַלְס אַ
גֶעזֶעץ, יְהוָֹה הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
דוּא בִּיזְט מֵיין זוּהְן, הֵיינְט הָאבּ אִיךְ
דִיךְ גֶעבּוֹירֶען:
8 פֶּערְלַאנְג פוּן מִיר, אַזוֹי וֶועל אִיךְ
דִיר גֶעבֶּען גוֹיִם אַלְס דֵיין נַחֲלָה, אוּנְד
דִיא עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד אַלְס דֵיין בֶּעזִיץ:
9 דוּא וֶועסְט זֵייא צֶערבְּרֶעכֶען מִיט
אַן אֵייזֶערְנֶע רִיט, אַזוֹי וִויא אַ טֶעפֶּער'ס
כְּלִי וֶועסְט דוּא זֵייא צֶערשְׁלַאגֶען:
10 אָבֶּער אַצוּנְד זֵייט קְלוּג, אִיהְר
קֶענִיגֶע, אוּנְד לָאזְט אֵייךְ וָוארֶענֶען
אִיהְר שׁוֹפְטִים פוּן דֶער עֶרְד:

11 דִינְט יְהֹוָה מִיט פוֹרְכְט, אוּנְד
פְרֵייעָט אֵייךְ מִיט צִיטֶערְן:
12 קִישְׁט דֶעם זוּהְן, טָאמֶער וֶועט
עֶר צָארְנֶען אוּנְד אִיהְר וֶועט אוּמְקוּמֶען
אוֹיף דֶעם וֶועג, וָוארִין זֵיין צָארְן וֶועט
בַּאלְד אָנְבְּרֶענֶען, אָבֶּער וְואוֹיל אִיז
אִיטְלִיכֶען וָואס בֶּעשִׁיצֶען זִיךְ אִין
אִיהְם:

## תהלים ג

1 אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד, וֶוען עֶר אִיז
אַנְטְלָאפֶען פוּן זֵיין זוּהְן אַבְשָׁלוֹם:
2 אָ, גָאט! וִויא פִיל זָענֶען מֵיינֶע
בֶּעלֵיידִיגֶער, פִילֶע שְׁטֵייעֶן אוֹיף קֶעגֶען
מִיר:
3 פִילֶע זָאגֶען צוּ מֵיינֶע זֶעלֶע, עֶס
אִיז נִיט פֶערְהַאנְדֶען קֵיינֶע הִילְף פַאר
אִיהְם בֵּייא גָאט, סֶלָה:
4 אָבֶּער דוּא יְהֹוָה בִּיזְט מֵיין שִׁילְד,
אוּנְד דֶער דֶערְהֵייבֶּער פוּן מֵיין קָאפּ:
5 מִיט מֵיין קוֹל רוּף אִיךְ צוּ יְהֹוָה,
אוּנְד עֶר עֶנְטְפֶערְט מִיר פוּן זֵיין
הֵיילִיגֶען בַּארְג, סֶלָה:
6 אִיךְ לֵייג מִיךְ אַנִידֶער אוּנְד שְׁלָאף
אֵיין, אִיךְ וַואךְ ווִידֶער אוֹיף, וָוארִין
גָאט לֶעהְנְט מִיךְ אוּנְטֶער:
7 אִיךְ הָאבּ קֵיין מוֹרָא נִיט פַאר
צֶעהְן טוֹיזֶענְד פוּן דֶעם פָאלְק וָואס
טְהוּן זִיךְ אַרוּמְרִינְגֶעלְן אִיבֶּער מִיר:
8 שְׁטֵייא אוֹיף, אָ גָאט, הֶעלְף מִיר
אָ מֵיין גָאט, וָוארִין דוּא הָאסְט
גֶעשְׁלָאגֶען אַלֶע מֵיינֶע פֵיינְד אוֹיף
דֶעם קִינְבַּאקֶען, דִיא צֵיין פוּן דִיא
רְשָׁעִים הָאסְט דוּא צֶערבְּרָאכֶען:
9 צוּ גָאט גֶעהֶערְט דִיא הִילְף, דֵיינֶע
בְּרָכָה אִיז אוֹיף דֵיין פָאלְק, סֶלָה:

## תהלים ד

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף נְגִינוֹת, אַ
גֶעזַאנְג פוּן דָוִד:
2 וֶוען אִיךְ רוּף עֶנְטְפֶער מִיר, אָ
גָאט פוּן מֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, וֶוען
עֶס אִיז מִיר עֶנְג אַזוֹי דֶערְוֵוייטֶער
מִיךְ, זֵייא מִיר גְנֶעדִיג, אוּנְד דֶערְהֶער
מֵיין גֶעבֶּעט:
3 אוֹי אִיהְר מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער, וִויא
לַאנְג נָאךְ וֶועט אִיהְר מֵיין כָּבוֹד
שֶׁענְדֶען, אוּנְד וֶועט לִיבֶּען לֵיידִיגֶעס,
אוּנְד זוּכֶען לִיגֶען, סֶלָה:
4 אִיהְר זָאלְט אָבֶּער וִויסֶען אַז גָאט
הָאט צוּ זִיךְ אָפְּגֶעשֵׁייט דֶעם הֵיילִיגֶען,
גָאט וֶועט הֶערֶען וֶוען אִיךְ וֶועל צוּ
אִיהְם רוּפֶען:
5 צִיטֶערְט, אָבֶּער זִינְדִיגְט נִיט, טְרַאכְט
אִין אֵיירֶע הֶערְצֶער אוֹיף אֵייעֶר גֶע־
לֶעגֶער, אוּנְד זֵייט שְׁטִיל, סֶלָה:
6 זֵייט מַקְרִיב גֶערֶעכְטֶע קָרְבָּנוֹת,
אוּנְד פֶערְטְרוֹיעָט אוֹיף גָאט:
7 פִילֶע זָאגֶען, וֶוער וֶועט אוּנְס
גוּטֶעס בֶּעוַוייזֶען? הֵייבּ אִיבֶּער אוּנְס
אוֹיף דָאס לִיכְט פוּן דֵיין פָּנִים, אָ
גָאט!
8 דוּא הָאסְט גֶעגֶעבֶּען אִין מֵיין
הַארְץ מֶעהְר שִׂמְחָה, וִויא אִין דֶער
צֵייט וֶוען זֵייעֶר קָארְן אוּנְד זֵייעֶר
וויין פֶערְמֶעהְרְט זִיךְ:
9 אִיךְ וֶועל מִיךְ צוּזַאמֶען אַנִידֶערְלֵייגֶען
בְּשָׁלוֹם, אוּנְד וֶועל אֵיינְשְׁלָאפֶען, וָוארִין
דוּא אַלֵיין, אָ גָאט, מַאכְסְט אַז אִיךְ
זָאל בְּלֵייבֶּען אִין זִיכֶערְהֵייט:

## תהלים ה

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף נְחִילוֹת, אַ
גֶעזַאנְג פוּן דָוִד:
2 פֶערְנֶעם מֵיינֶע רֵייד אָ גָאט, פֶערְ־
שְׁטֵייא מֵיין טְרַאכְטֶען:
3 פֶערְנֶעם דָאס קוֹל פוּן מֵיין גֶעשְׁרֵייא,

אָ מֵיין קֶענִיג אוּנְד מֵיין גאָט! וָוארִין
צוּ דִיר טְהוּא אִיךְ בֶּעטֶען:
4 אָ גאָט, אִין דֶער פְרִיה זָאלְסְט
דוּא הֶערֶען מֵיין קוֹל, אִין דֶער פְרִיה
רִיכְט אִיךְ אָן מֵיין גֶעבֶּעט, אוּנְד אִיךְ
וִויל הָאפֶען:
5 וָוארִין דוּא בִּיזְט נִיט אַ גאָט וָואס
הָאט לוּסְט צוּ בֵּייזֶען, אוּנְד קֵיין
בֵּייזֶער וֶועט נִיט מִיט דִיר וְואוֹינֶען:
6 דִיא נַארוֹנִים וֶועלֶען נִיט קֶענֶען
בֶּעשְׁטֵיין פַאר דֵיינֶע אוֹיגֶען, דוּא
הָאסְט פֵיינְד אַלֶע וָואס טְהוּן אוּמְרֶעכְט:
7 דוּא וֶועסְט פֶערְטִילְגֶען דִיא וָואס
רֶעדֶען לִיגֶען, אַ בְּלוּט־שׁוּלְדִיגֶען מַאן
אוּנְד אַ פַאלְשֶׁען וֶועט גאָט פֶערָאוּמְ־
וִוירְדִיגֶען:
8 אָבֶער אִיךְ, דוּרְךְ דֵיינֶע גְרוֹיסֶע
גְנָאד וֶועל קוּמֶען אִין דֵיין הוֹיז אַרֵיין,
אִיךְ וֶועל מִיךְ בִּיקֶען צוּ דֵיין הֵיילִיגֶען
פַּאלַאסְט מִיט דֵיינֶע פָארְכְט:
9 אָ גאָט, פִיהְר מִיךְ אִין דֵיינֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, פוּן וֶועגֶען מֵיינֶע פֵיינְד,
מַאךְ פַאר מִיר גְרָאד דֵיין וֶועג:
10 וָוארִין עֶס אִיז קֵיינֶע רֶעכְטְ־
שַׁאפֶענְהֵייט אִין זֵייעֶר מוֹיל, זֵייעֶר
אִינֶעוֵוייניגֶעס אִיז נוּר פַאלְשְׁקֵייט, אֵיין
אָפֶענֶעס קֶבֶר אִיז זֵייעֶר הַאלְז, אוּנְד
אוּנְד זֵייעֶר צוּנְג רֶעט גְלַאטֶע חֲנִיפָה:
11 פֶערְטִילְג זֵייא, אָ גאָט, מַאךְ זֵייא
פַאלֶען דוּרְךְ זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע עֵצוֹת,
אוּנְד פוּן וֶועגֶען זֵייעֶרֶע פִילֶע זִינְד
פֶערְשְׁטוֹיס זֵייא, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען
קֶעגֶען דִיר מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען:
12 אָבֶער אַלֶע וָואס בֶּעשִׁיצֶען זִיךְ
אִין דִיר זָאלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן, לָאזֶען
זֵייא אוֹיף אֵייבִּיג זִינְגֶען, וֵוייל דוּא
בֶּעשִׁיצְט זֵייא, לָאזֶען זִיךְ אוֹיךְ דִיא
פְרֵייעֶן אִין דִיר וָואס לִיבֶּען דֵיין
נָאמֶען:
13 וָוארִין דוּא בֶּענְשְׁסְט דֶעם צַדִיק,
אָ גאָט, דוּא וֶועסְט אִיהְם אַרוּמְרִינְגְלֶען
מִיט וְואוֹילְגֶעפַאלֶען אַזוֹי וִויא מִיט אַ
פַאנְצֶער:

## תהלים ו

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף נְגִינוֹת מִיט
אַכְט שְׁטְרוּנֶעס, אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד:
2 אָ גאָט שְׁטְרָאף מִיךְ נִיט אִין דֵיין
צָארְן, אוּנְד אִין דֵיין גְרִימְצָארְן זָאלְסְט
דוּא מִיךְ אוֹיךְ נִיט שְׁטְרָאפֶען:
3 דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער מִיר, אָ גאָט,
וָוארִין אִיךְ בִּין שְׁוַואךְ, אָ גאָט הֵייל
מִיךְ, וָוארִין מֵיינֶע בֵּיינֶער זֶענֶען
דֶערשְׁרָאקֶען:
4 אוּנְד מֵיין לֵייבּ אִיז (אוֹיךְ) זֶעהְר
דֶערשְׁרָאקֶען; אָבֶער דוּא אָ גאָט, בִּיז
וִויא לַאנְג?
5 קֶעהְר דִיךְ אוּם, אָ גאָט, אוּנְד זֵייא
מַצִיל מֵיין נֶפֶשׁ, הֶעלְף מִיר פוּן וֶועגֶען
דֵיין חֶסֶד:
6 וָוארִין אִין דֶעם טוֹיט גֶעדֶענְקְט
מֶען נִיט אָן דִיר, אוּנְד וֶוער זָאל דִיךְ
לוֹיבֶּען אִין דֶער גְרוּב?
7 אִיךְ בִּין מִיד פוּן וֶועגֶען מֵיין
זִיפְצֶען, דִיא גַאנְצֶע נַאכְט מַאךְ אִיךְ
מֵיין בֶּעט שְׁוִוימֶען, אִיךְ בֶּענֶעץ מֵיין
בֶּעט מִיט טְרֶערֶען:
8 מֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען פֶערְשְׁמַאכְט
פוּן וֶועגֶען דֶעם כַּעַס, עֶס אִיז פֶערְ־
עֶלְטֶערְט גֶעוָוארֶען פוּן וֶועגֶען אַלֶע
מֵיינֶע פֵיינְד:
9 קֶעהְרְט אָפּ פוּן מִיר אַלֶע וָואס
אִיהְר טְהוּט אוּמְרֶעכְט, וָוארִין גאָט
הָאט גֶעהֶערְט דָאס קוֹל, פוּן מֵיין
גֶעוֵויין:

10 גאָט האָט געהערט מיינע תּחנה
גאָט האָט אָנגענומען מיין געבעט:
11 אַלע מיינע פיינד װעלען זעהר
פערשעמט אונד דערשראָקען װערען,
זייא װעלען זיך אומקעהרען אונד אין
איין (רגע) אויגענבליק פערשעמט
װערען:

תהלים ז

1 אַ שגיון פון דוד, װאָס ער האָט
געזונגען צו גאָט װעגען דיא זאך פון
כּוש בן ימיני:
2 אָ יהוה, מיין גאָט, אין דיר בעט־
שיץ איך מיך, העלף מיר פון אַלע
װאָס יאָגען מיך נאָך, אונד זייא מיך
מציל:
3 װאָרין טאָמער װעט ער מיך
פערצוקען װיא אַ לייב, אונד מיך
צורייסען װען קיינער איז מיך ניט
מציל:
4 אָ יהוה, מיין גאָט, װען איך האָב
דאָס דאָזיגע געטהון; אויב עס איז
פערהאַנדען אומגערעכטיגקייט אין
מיינע הענד:
5 אויב איך האָב שלעכטעס בעצאָלט
צו דעם װאָס האָט מיט מיר שלום
געהאַט, (יוא איך האָב אַפילו דעם
מציל געװעזען װאָס איז אומזונסט
מיין פיינד געװעזען):
6 אַזוי זאָל דער פיינד מיין נפש
נאָכיאָגען, אונד דערגרייכען, אונד
לאָז ער מיין לעבען צו דער ערד צו־
טרעטען, אונד לאָז ער מיין כּבוד אין
דעם שטויב לייגען, סלה:
7 שטייא אויף אָ גאָט אין דיין צאָרן,
דערהייב דיך פון װעגען דעם גרימצאָרן
פון מיינע פיינד, אונד דערװעק דיך
פאַר מיר צום משפּט װאָס דוא האָסט
געבאָטען:
8 אַזוי װעלען דיך דיא עדה פון דיא
פעלקער אַרומרינגלען, אונד פון
זייערעטװעגען זאָלסט דוא אומקעהרען
צום הימעל:
9 גאָט װעט משפּט'ן דיא פעלקער,
משפּט מיך, אָ גאָט נאָך דיינע
גערעכטיגקייט אונד נאָך מיינע גאַנצ־
קייט װאָס איז אין מיר:
10 אוי, לאָז דאָך דאָס בייזע פון דיא
רשעים אויפהערען, אָבער לאָז דער
צדיק אַ בעשטאַנד האָבען, װאָרין גאָט
פּרופט דיא הערצער אונד דיא ניערען
פון דיא צדיקים:
11 מיין בעשיצונג איז אויף גאָט, ער
העלפט דיא װאָס זענען אויפריכטיג
אין דעם הארץ:
12 גאָט איז אַ גערעכטער שופט,
אָבער ער איז ערגערליך (מיט דיא
רשעים) אַלע טעג:
13 װען ער װעט זיך ניט אומקעהרען
אַזוי װעט ער זיין שװערט שאַרפען,
ער האָט זיין פייל־בויגען אָנגעברייט:
14 ער האָט אויך פאַר איהם אָנ־
געברייט דיא כּלים פון דעם טויט,
ער האָט שוין צוגעברייט זיינע פיילען
פאַר דיא נאָכיאָגער:
15 זעה, ער װייטאָגט אומרעכט,
אונד איז טראָגעדיג מידיגקייט, אונד
ער געװינט ליגען:
16 ער גרובט אויס אַ גרוב גאַנץ
טיף, אָבער ער פאַלט אַליין אַריין
אַנשטאָט דעם פאַר װעמען זיא איז
געמאַכט:
17 זיין אומגליק קעהרט צוריק אויף
זיין אייגענעם קאָפּ, אונד זיינע רויבע־
רייא קומט אַראָפּ אויף זיין קאָפּשייטעל:

איך

18 איך וויל גאט דאַנקען נאָך זיינע
גערעכטיגקייט, אונד איך וועל זינגען
צו דעם נאָמען פון יְהוָה, דעם
אייבערשטען:

תהלים ח

1 צו דעם זינגער אויף גִתִּית–אַ געזאַנג פון דָוִד?
2 אָ יְהוָה, אונזער האר! וויא שטארק
איז דיין נאָמען אויף דער גאַנצער
ערד, וואס דוא האסט געגעבען דיינע
שיינקייט אויף דעם הימעל:
3 פון דעם מויל פון קליינע קינדער
אונד זייגענדע קינדער האסט דוא
געגרונדפעסט לויב, פון וועגען דיינע
בעליידיגער, צו צערשטערען דעם
פיינד אונד דעם וואס איז זיך נוקם:
4 ווען איך זעה אָן דיינע הימעלן,
אונד דיא מַעֲשִׂים פון דיינע פינגער,
דיא לְבָנָה אונד דיא שטערן וואס דוא
האסט צובערייטעט:
5 וואס איז דער מענש דאס דוא
זאלסט אַן איהם געדענקען? אונד
דער בֶּן אָדָם אַז דוא זאלסט איהם
מאַכען בעפעהלען?
6 אונד דוא האסט איהם געמאַכט
אַ ביסעל נידריגער פון גאָט, אונד
מיט כָּבוֹד אונד מיט שיינקייט האסט
דוא איהם געקריינט:
7 דוא האסט איהם געמאַכט געוועלטיגען איבער דיא ווערק פון דיינע
הענד, אַלעס האסט דוא געמאַכט
אונטערטעניג אונטער זיינע פִּיס:
8 אַלע שאף אונד רינדער אונד אויך
דיא בְּהֵמוֹת פון דעם פעלד:
9 דיא פייגעל פום הימעל, אונד דיא
פיש פון דעם יַם, אונד דאס וואס
פאהרט איבער דורך דיא יַמִּים:
10 אָ יְהוָה, אונזער האר! וויא
שטארק איז דיין נאָמען אויף דער
גאַנצער ערד:

תהלים ט

1 צו דעם זינגער אויף מוּת לַבֵּן–אַ
געזאַנג פון דָוִד:
2 איך וועל גאט דאַנקען מיט מיין
גאַנצען האַרץ, איך וועל דערצייהלען
אַלע דיינע וואונדער:
3 איך וועל מיך פרייען אונד איך
וועל זיין לוסטיג אין דיר, איך וועל
זינגען צו דיין נאָמען אָ דוא אייבערשטער:
4 ווען מיינע פיינד וועלען הינטער
זיך אומקעהרען אַזוי וועלען זייא
געשטרויכעלט אונד פערלוירען ווערען
פון פאר דיר:
5 וואָרין דוא האסט געטהון מיין
מִשְׁפָּט אונד מיין דין, דוא ביזט געזעסען אויף דעם שטוהל, דוא גערעכטער שוֹפֵט:
6 דוא האסט אָנגעשריגען גוים, אונד
דוא האסט פערטילגט דעם רָשָׁע, דוא
האסט זייער נאָמען אויסגעמעקט אויף
אימער אונד אייביג:
7 דער פיינד איז פערלענט, דיא
פערוויסטונגען זענען אויף אייביג,
אונד דיא שטעט האסט דוא אויסגעריסען:
8 זייער געדעכטנים איז פון זייא
פערלוירען געוואָרען, אָבער גאט זיצט
(אַלס קעניג) אויף אייביג, ער האט
אָנגעבּרייט זיין שטוהל צום מִשְׁפָּט:
9 אונד ער וועט דיא וועלט מִשְׁפָּט'ן
מיט גערעכטיגקייט, ער וועט דיא
פעלקער דן זיין מיט רעכטפארטיגקייט

אונד

10 אוּנְד יְהוָה וֶועט זַיין אַ בֶּעשִׁיצוּנְג
צוּ דֶעם פֶערְשְׁטוּיסֶענֶעם, אַ בֶּעשִׁיצוּנְג
אִין דֶער צַייט פוּן דֶער צָרָה׃
11 אוּנְד דִיא וָואס קֶענֶען דֵיין נָאמֶען
וֶועלֶען זֵייעֶר בִּטָחוֹן הָאבֶּען אִין דִיר,
וָוארִין דוּא וֶועסְט נִיט פֶערְלָאזֶען
זָאלְכֶע וָואס פָארְשֶׁען דִיךְ, אָ יְהוָה׃
12 זִינְגְט צוּ גָאט, אִיהְר וָואס וְואוֹינְט
אִין צִיוֹן, אוּנְד דֶערְצֵיילְט זֵיינֶע מַעֲשִׂים
צְווִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער׃
13 וָוארִין דֶער וָואס פָארְשְׁט דָאס
אוּנְשׁוּלְדִיגֶע בְּלוּט וֶועט אָן זַייא גֶעדֶע-
רֶענְקֶען, עֶר הָאט נִיט פֶערְגֶעסֶען דָאס
גֶעשְׁרֵייא פוּן דִיא (עֲנָוִים) דֶעמִיטִיגֶע׃
14 לֵייטְזֶעלִיגֶע מִיךְ אָ יְהוָה, זֶעה אָן
מֵיין פֵּיין דוּרְךְ מֵיינֶע פֵיינְד; דֶערְ-
הֵייבּ מִיךְ פוּן דִיא טוֹירֶען פוּן דֶעם
טוֹיט׃
15 כְּדֵי אִיךְ זָאל דֶערְצֵיילֶען דֵיין גַאנְ-
צֶען לוֹיבּ אִין דִיא טוֹירֶען פוּן דֶער
טָאכְטֶער (אָדֶער שְׁטָאט) צִיוֹן, אִיךְ
וֶועל מִיךְ פְרֵייעֶן אִין דֵיינֶער הִילְף
(יְשׁוּעָה)׃
16 דִיא גוֹיִם זֶענֶען אֵיינְגֶעזוּנְקֶען אִין
דִיא גְרוּבּ וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט,
אִין דֶעם דָאזִיגֶען נֶעץ וָואס זַייא
הָאבֶּען בֶּעהַאלְטֶען זֶענֶען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע
פִיס גֶעהַאפְּט גֶעוָוארֶען׃
17 גָאט הָאט זִיךְ בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט
דָאס עֶר טְהוּט רֶעכְט, דוּרְךְ דִיא
אַרְבֵּייט פוּן זֵיינֶע אֵייגֶענֶע הֶענְד הָאט
דֶער רָשָׁע גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט, הִגָּיוֹן, סֶלָה׃
18 דִיא רְשָׁעִים וֶועלֶען זִיךְ אוּמְ-
קֶעהְרֶען צוּ דֶעם שְׁאוֹל, אוּנְד אַלֶע
גוֹיִם וָואס פֶערְגֶעסֶען גָאט׃
19 וָוארִין עֶר (גָאט) וֶועט נִיט אוֹיף
אֵייבִּיג פֶערְגֶעסֶען דֶעם אֶבְיוֹן, אוּנְד
דִיא הָאפְֿענוּנְג פוּן דִיא עֲנָוִים וֶועט
נִיט אוֹיף אֵייבִּיג פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען׃
20 שְׁטֵייא אוֹיף, אָ יְהוָה! לָאז זִיךְ
נִיט דֶער מֶענְשׁ (רָשָׁע) אַזוֹי שְׁטַארְקֶען,
לָאזֶען דִיא גוֹיִם פַאר דִיר גֶעמִשְׁפָּט
וֶוערֶען׃
21 טְהוּא אוֹיף זַייא אַ פוּרְכְט, לָאזֶען
דִיא גוֹיִם דֶערְקֶענֶען אַז זַייא זֶענֶען
נָאר מֶענְשֶׁען, סֶלָה׃

## תהלים י

1 פַארְוָואס שְׁטֵייסְט דוּא אַזוֹי פוּן
וַוייטֶען, אָ גָאט? דוּא בֶּעהַאלְטסְט
דִיךְ אִין דִיא צֵייטֶען פוּן דֶער צָרָה׃
2 דֶער רָשָׁע אִין זֵיין גַּאֲוָה יָאגְט
נָאךְ דֶעם אָרֶעמֶען, לָאזֶען זַייא גֶע-
חַאפְּט וֶוערֶען אִין דִיא בֵּייזֶע גֶעדַאנְקֶען
וָואס זַייא הָאבֶּען אוֹיסְגֶעטְרַאכְט׃
3 וָוארִין דֶער רָשָׁע בֶּערִיהְמְט זִיךְ
אִיבֶּער דִיא לוּסְט פוּן זֵיין לֵייבּ, אוּנְד
דֶעם גֵייצִיגֶען בֶּענְשְׁט עֶר, אָבֶּער גָאט
דֶערְצָארְנְט עֶר׃
4 דֶער רָשָׁע וֶועגֶען דֶעם שְׁטָאלְץ פוּן
זֵיין פָּנִים, וַויל נִיט נָאכְפָארְשֶׁען נָאךְ
גָאט, גָאט אִיז אוֹיךְ נִיט אִין אַלֶע
זֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען׃
5 זֵיינֶע וֶועגֶען בֶּעגְלִיקֶען אַלֶע צֵייט,
דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען פַאר אִיהְם צוּ
הוֹיךְ, אוּנְד וָואס אַנְבֶּעלַאנְגְט אַלֶע
זֵיינֶע פֵיינְד, עֶר גֶעט נָאר אַ בְּלָאז
אוֹיף זַייא׃
6 עֶר זָאגְט אִין זֵיין הַארְץ-אִיךְ וֶועל
מִיךְ נִיט אוֹיסְגְלִיטְשֶׁען, פוּן דוֹר צוּ
דוֹר וֶועט עֶס מִיר נִיט זֵיין שְׁלֶעכְט׃
7 זֵיין מוֹיל אִיז פוּל מִיט פְלוּךְ אוּנְד
פַאלְשְׁקֵייט אוּנְד בֶּעטְרִיגֶערַייא, אוּנְטֶער
זֵיינֶע צוּנְג אִיז מִידִיגְקֵייט אוּנְד אוּמְ-
רֶעכְט׃

8 עֶר זִיצְט אִין דִיא לויערוּנְג פוּן דִיא
לויערוּנְג פוּן דִיא דֶערְפֶער, אִין דֶעם
פֶערְבָּארְגֶענֶעם הַרְגֶת עֶר דֶעם אוּמְ־
שוּלְדִיגֶען, זַיינֶע אויגֶען לויעֶרְן אויף
דֶעם אָרֶעמֶען:
9 עֶר לויעֶרְט אִים פֶערְבָּארְגֶענֶעם
אַזוֹי וִויא אַ לֵייבּ אִין זַיין בֵּיידֶעל, עֶר
לויעֶרְט אוּם דֶעם אָרֶעמֶען צוּ חַאפֶּען,
עֶר חַאפְּט דֶעם אָרֶעמֶען וֶוען עֶר צִיהְט
אוּים זַיין נֶעץ:
10 עֶר שְׁטוּיסְט זִיךְ אוּנְד בֵּייגְט זִיךְ
אַנִידֶער אַז דֶער אָרֶעמֶער זָאל פַאלֶען
דוּרךְ זַיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט:
11 עֶר טְרַאכְט זִיךְ אִין זַיין הַארְץ
אַז גָאט הָאט פֶערְגֶעסֶען, עֶר פֶערְ־
בָּארְגְט זַיין פָּנִים, אַז עֶר וֶועט עֶס
קֵיינְמָאל נִיט זֶעהֶען:
12 שְׁטֵייא אויף, אָ גָאט! אוּנְד הֵייבּ
אויף דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד פֶערְגֶעס נִיט
אַן דֶעם אָרֶעמֶען:
13 פַארְוָואס דֶערְצָארְנְט דֶער רָשָׁע
גָאט? עֶר טְרַאכְט אִין זַיין הַארְץ
אַז דוּא וֶועסְט עֶס נִיט פַארְשֶׁען:
14 דוּא הָאסְט עֶס גֶעזֶעהֶען—וָוארִין
דוּא זֶעהְסְט אָן דִיא מִידִיגְקֵייט אוּנְד
דֶעם צָארְן, אוּם עֶס צוּ אִיבֶּערְגֶעבֶּען
אִין דֵיינֶע הַאנְד אַרֵיין, דֶער אָרֶעמֶער
פֶערְלָאזְט זִיךְ אויף דִיר, דוּא בִּיזְט
דָאךְ גֶעוֶועזֶען דֶער הֶעלְפֶער פוּן דֶעם
יָתוֹם:
15 צוּבְּרֶעךְ דָאךְ דֶעם אָרֶעם פוּן דֶעם
רָשָׁע, אוּנְד וֶועגֶען דֶעם שְׁלֶעכְטֶען
פָארְשׁ אוּיס זַיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט בִּיז
עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר גֶעפוּנֶען וֶוערֶען:
16 גָאט וֶועט זַיין דֶער מֶלֶךְ אויף
אִימֶער אוּנְד אֵייבִּיג, דִיא גוֹיִם וֶוענֶען
פֶערְטִילְגְט פוּן זַיין לַאנְד:

17 דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט דִיא לוּסְט
פוּן דִיא עֲנָוִים, אָ גָאט! דוּא וֶועסְט
אויף אָנְבְּרֵייטֶען זַייעֶר הַארְץ, דוּא
וֶועסְט עֶס פֶערְנֶעמֶען מִיט דֵיינֶע אוֹירֶען:
18 צוּ מִשְׁפָּט'ן דֶעם יָתוֹם אוּנְד דֶעם
צוּשְׁטוּיסֶענֶעם, דָאס דֶער רָשָׁע זָאל
נִיט מֶעהְר דֶערשְׁרֶעקֶען דֶעם מֶענְשׁ
פוּן דֶער עֶרְד:

## תהלים יא

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער פוּן דָוִד. אִיךְ
הָאבּ מִיךְ בֶּעשִׁיצְט אִין גָאט, וִויא אַזוֹי
זָאגְט אִיהְר צוּ מֵיינֶע זֶעלֶע—פְלִיה אַוֶועק
אַזוֹי וִויא אַ פוֹיגֶעל צוּ דִיא בֶּערְג:
2 וָוארִין זֶעה, דִיא רְשָׁעִים הָאבֶּען
גֶעשְׁפַּאנְט זַייעֶר בּוֹיגֶען, זֵייא הָאבֶּען
שׁוֹין אָנְגֶעבְּרֵייט זֵייעֶרֶע פֵיילֶען אויף
דִיא שְׁנוּר צוּ שִׁיסֶען אִין דֶער
פִינְסְטֶערְנִיס אויף דֶעם וָואס הָאט אַן
אויפְרִיכְטִיג הַארְץ:
3 וָוארִין וֶוען דִיא גְרוּנְדְפֶעסְטֶען
וֶוערֶען אָפְּגֶעריסֶען, וָואס קֶען דֶער
צַדִיק טְהוּן:
4 יְהוָֹה אִיז אִין זַיין הֵיילִיגֶען טֶעמְפֶּעל,
יְהוָֹה'ס טְרָאהְן־שְׁטוּל אִיז אִין דֶעם
הִימֶעל, אָבֶּער זַיינֶע אויגֶען זֶעהֶען
דָאךְ, זַיינֶע בְּרֶעמֶען פְּרוּפֶען דִיא
מֶענְשֶׁען:
5 יְהוָֹה פְּרוּפְט דֶעם צַדִיק, אָבֶּער
דֶעם רָשָׁע אוּנְד דֶעם וָואס הָאט לִיבּ
רוֹיבֶּערַייא דֶעם הָאט זַיינֶע זֶעלֶע פֵיינְד:
6 עֶר מַאכְט רֶעגֶענֶען אויף דִיא
רְשָׁעִים, פֵייעֶר אוּנְד שְׁוֶועבֶּעל, אוּנְד
אַ הֵייסֶער שְׁטוּרְמְווִינְד אִיז דָאס חֵלֶק
פוּן זַייעֶר כּוֹס:
7 וָוארִין דֶער גֶערֶעכְטֶער יְהוָֹה הָאט
לִיבּ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, זַיין פָּנִים זֶעהְט אַן
דִיא אויפְרִיכְטִיגֶע:

תהלים יב

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף שְׁמִינִית—אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד:

2 הֶעלְף אָ יְהוָֹה! וָוארִין דֶער פְּרָאמֶער (חָסִיד) אִיז פֶערשְׁווִינְדֶען, אוּנְד דִיא גֶעטְרֵייעֶ פוּן דִיא מֶענְשֶׁען פֶערְגֵייעֶן:

3 זֵייא רֶעדֶען אִיטְלִיכֶער צוּ זֵיין חַבֵר פַאלְשְׁהֵייט, מִיט גְלַאטֶע לֶעפְצֶען, מִיט אַ צְווֵייעֶרְלֵייא הַארְץ רֶעדֶען זֵייא:

4 לָאז גָאט פֶערשְׁנֵיידֶען אַלֶע גְלַאטֶע לֶעפְצֶען, אוּנְד דִיא צוּנְג וָואס רֶעדט גְרוֹיסֶע זַאכֶען:

5 דִיא וָואס זָאגֶען, מִיר וֶועלֶען זִיךְ שְׁטַארְקֶען דוּרְךְ אוּנְזֶערֶע צוּנְג, אוּנְזֶערֶע לֶעפְּצֶען זֶענֶען מִיט אוּנְס, וֶוער אִיז אַ הַאר אִיבֶּער אוּנְס?

6 פוּן וֶועגֶען דֶעם רוֹיב פוּן דִיא אָרֶעמֶע, אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֶעם גֶעשְׁרֵייא פוּן דִיא בֶּעדַארְפְטִיגֶע זָאגְט גָאט, אִיךְ וֶועל אַצוּנְד אוֹיפְשְׁטֵיין, אִיךְ וֶועל אִיהְם אִין זִיכֶערְהֵייט זֶעצֶען קֶעגֶען דֶעם וָואס זֵייא אָנְבְּלָאזֶען:

7 דִיא רֵייד פוּן גָאט זֶענֶען רֵיינֶע וֶוערְטֶער גֶעלֵייטֶערְט אַזוֹי וִויא זִילְבֶּער וָואס אִיז גֶעשְׁמָאלְצֶען אִין דֶער עֶרְד, וָואס אִיז גֶעלֵייטֶערְט זִיבֶּען מָאל:

8 דוּא אָ גָאט וֶועסְט זֵייא בֶּעהִיטֶען, דוּא וֶועסְט זֵייא בֶּעהַאלְטֶען פוּן דֶעם דָאזִיגֶען דוֹר בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג:

9 דִיא רְשָׁעִים גֵייעֶן אַרוּם אוּנְד אַרוּם, וֶוען דִיא פֶערְדָארְבֶּענְהֵייט דֶערְהֵייבְּט זִיךְ בֵּייא דִיא מֶענְשֶׁען:

תהלים יג

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד:

2 בִּיז וִויא לַאנְג וֶועסְט דוּא מִיךְ פֶערְגֶעסֶען אָ גָאט! אוֹיף אֵייבִּיג? בִּיז וִויא לַאנְג וֶועסְט דוּא בֶּעהַאלְטֶען דֵיין פָּנִים פוּן מִיר?

3 בִּיז וִויא לַאנְג זָאל אִיךְ אַן עֵצָה גֶעמֶען מִיט מֵיינֶע זָעלֶע, אוּנְד הָאבֶּען טֶעגְלִיךְ טְרוֹיעֶרִיגְקֵייט אִין מֵיין הַארְץ? בִּיז וִויא לַאנְג וֶועט זִיךְ מֵיין פֵיינְד אִיבֶּער מִיר דֶערְהֵייבֶּען?

4 זֶעה עֶס דָאךְ אָן, אוּנְד עֶנְטְפֶער מִיר אָ יְהוָֹה, מֵיין גָאט! דֶערְלֵיכְט מֵיינֶע אוֹיגֶען, וָוארִין טָאמֶער וֶועל אִיךְ עֶנְטְשְׁלָאפֶען וֶוערֶען אִין דֶעם טוֹיט:

5 טָאמֶער וֶועט מֵיין פֵיינְד זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ אִיהְם בֵּייגֶעקוּמֶען, מֵיינֶע בֶּעלֵיידִיגֶער וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן וֶוען אִיךְ וֶועל מִיךְ אוֹיסְגְלִיטְשֶׁען:

6 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ מִיךְ פֶערְזִיכֶערְט אִין דֵיין חֶסֶד, מֵיין הַארְץ אִיז פְרֵיילִיךְ אִין דֵיינֶער הִילְף (יְשׁוּעָה), אִיךְ וֶועל זִינְגֶען צוּ גָאט וֵוייל עֶר הָאט מִיר גוּטֶעס פֶערְגָאלְטֶען:

תהלים יד

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—פוּן דָוִד—דֶער נַאר הָאט גֶעזָאגְט אִין זֵיין הַארְץ, עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין גָאט, זֵייא זֶענֶען פֶערְדָארְבֶּען אוּנְד הָאבֶּען פֶערְאוּמְווִירְדִיגְט זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים, קֵיינֶער טְהוּט גוּטֶעס:

2 יְהוָֹה קוּקְט אַרוּפּ פוּן דֶעם הִימֶעל אוֹיף דִיא מֶענְשֶׁען אוּם צוּ זֶעהֶען אוֹיבּ עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ קְלוּגֶער וָואס זוּכְט גָאט:

3 זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע צוּזַאמֶען אָפְּגֶע־קֶעהְרְט זֵייא זֶענֶען שְׁלֶעכְט גֶעוָוארֶען, עֶס אִיז קֵיינֶער וָואס טְהוּט גוּטֶעס, אוֹיךְ נִיט אֵיין אֵיינְצִיגֶער:

4 הָאבֶּען זֵייא עֶס דֶען נִיט גֶעוְואוּסְט, אַלֶע וָואס טְהוּעֶן אוּמְרֶעכְט? וָואס עֶסֶען אוֹיף מֵיין פָאלְק אַזוֹי וִויא מֶען

עָסְט בְּרוֹיט, יְהוָֹה הָאבֶּען זֵייא נִיט אָנְגערוּפֶען:

5 דָארְט הָאבֶּען זֵייא אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶע מוֹרָא גֶעהַאט, וָוארִין גָאט אִיז אִין דֶעם דוֹר פוּן דֶעם צַדִיק:

6 דִיא עֵצָה פוּן דֶעם אָרֶעמֶען הָאט אִיהְר פֶערְשֶׁעהְמְט, אָבֶּער יְהוָֹה אִיז זַיין בֶּעשִׁיצֶער:

7 וֶוער וָואלְט גֶעגֶעבֶּען אַז דִיא הִילְף פַאר יִשְׂרָאֵל זָאל קוּמֶען אוֹיס צִיוֹן! וֶוען גָאט וֶועט צוּרִיקבְּרֶענְגֶען דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן זַיין פָאלְק, וֶועט יַעֲקֹב פְרֵיילִיךְ זַיין, אוּנְד יִשְׂרָאֵל וֶועט זִיךְ פְרֵייעָן:

## תהלים טו

1 אַיין גֶעזַאנְג פוּן דָוִד—אָ גָאט וֶוער זָאל זִיךְ אוֹיפְהַאלְטֶען אִין דֵיינֶע גֶעצֶעלְטֶען? וֶוער זָאל וְואוֹינֶען אִין דֵיינֶעם הֵיילִיגֶען בַּארג:

2 דֶער וָואס גֵייט אַרוּם מִיט אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט, אוּנְד טְהוּט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד וָואס רֶעט אֶמֶת אִין זַיין הַארְץ:

3 דֶער וָואס זָאגְט נִיט רְכִילוּת מִיט זֵיינֶע צוּנְג, אוּנְד וָואס טְהוּט קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס צוּ זַיין חָבֵר, אוּנְד וָואס טְרָאגְט קֵיין שׁוּם שַׁאנְד אִיבֶּער זַיין פְרֵיינְד:

4 אוּנְד אִין וֶועמֶענְס אוֹיגֶען דֶער פֶערַאכְטֶעטֶער אִיז פֶערְמִיאוּסְט, אָבֶּער עֶר הַאלְט בְּכָבוֹד דִיא וָואס הָאבֶּען מוֹרָא פַאר גָאט, עֶר שְׁוֶוערְט אוּנְד טְהוּט זִיךְ אַלֵיין שְׁלֶעכְט, אָבֶּער עֶר הָאט קֵיין חֲרָטָה:

5 אוּנְד עֶר הָאט נִיט זַיין גֶעלְד אוֹיסְגֶעלִיעֶן אוֹיף רְוָחִים, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ נִיט גֶענוּמֶען קֵיין שׁוֹחַד פוּן וֶוענֶען דֶעם אוּמְשׁוּלְדִיגֶען, דֶער וָואס טְהוּט דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען וֶועט זִיךְ קֵיינְמָאל נִיט אוֹיסגְלִיטְשֶׁען:

## תהלים טז

1 אַ לִיבְּלִיכֶער גֶעזַאנְג פוּן דָוִד,—הִיט מִיךְ אָ גָאט, וָוארִין אִיךְ בֶּעשִׁיץ מִיךְ אִין דִיר:

2 דוּא (מֵיינֶע זֶעעֶלֶע) הָאסְט גֶעזָאגְט צוּ יְהוָֹה, דוּא בִּיסְט מֵיין הַאר, מֵיינֶע גוּטְקֵייט לַאנְגְט נִיט צוּ דִיר:

3 צוּ דִיא הֵיילִיגֶע וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד צוּ דִיא שְׁטַארְקֶע אַן וֶועלְכֶע אִיז מֵיינֶע גַאנְצֶע לוּסְט:—

4 לָאזֶען פֶערְמֶעהְרְט וֶוערֶען זֵייעֶרֶע טְרוֹירִיגְקֵייטֶען וָואס אֵיילֶען זִיךְ נָאךְ אַנְדֶערֶע (גֶעטֶער), אִיךְ וֶועל נִיט גִיסֶען זֵייעֶר טְרִינְק־אָפְּפֶער פוּן בְּלוּט, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיךְ נִיט אוֹיפְנֶעמֶען זֵייעֶרֶע נֶעמֶען אוֹיף מֵיינֶע לֶעפְּצֶען:

5 יְהוָֹה אִיז דִיא גָאבּ פוּן מֵיין חֵלֶק, אוּנְד פוּן מֵיין כּוֹס, דוּא וֶועסְט מִיךְ דֶערְהַאלְטֶען אִין מֵיין גוֹרָל:

6 דִיא טֵיילֶען זֶענֶען מִיר צוּגֶעפַאלֶען מִיט זִיסְקֵייט, אִיךְ הָאבּ אַפִילוּ אַ שֵׁיינֶע נַחֲלָה אוֹיף מִיר:

7 אִיךְ וֶועל בֶּענְשֶׁען יְהוָֹה וָואס הָאט מִיר אַיין (גוּטֶע) עֵצָה גֶעגֶעבֶּען, אַפִילוּ בֵּייא נַאכְט אוּנְטֶערְרִיכְטֶען מִיךְ מֵיינֶע נִירֶען:

8 אִיךְ הָאבּ יְהוָֹה תָּמִיד פַאר מִיר, וָוארִין עֶר אִיז בֵּייא מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט אוֹיסגְלִיטְשֶׁען:

9 דַארוּם פְרֵייט זִיךְ מֵיין הַארְץ, אוּנְד מֵיין כָּבוֹד אִיז פְרֵיילִיךְ, אוֹיךְ מֵיין פְלֵייש וֶועט רוּהֶען אִין זִיכֶערְהֵייט:

10 וָארִין דוּא װֶעסְט נִיט לָאזֶען
מַיין נֶפֶשׁ אִין דֶעם שְׁאוֹל, דוּא װֶעסְט
נִיט צוּגֶעבֶּען אַז דֵיין הֵיילִיגֶער זָאל
זֶעהֶען דִיא פֶערְדַארְבֶּענִיס:
11 דוּא װֶעסְט מִיר לָאזֶען װִיסֶען
דֶעם װֶעג פוּן לֶעבֶּען, פַאר דֵיין פָּנִים
אִיז זַאטוּנְג פוּן פְרֵייד, אוּנְד לִיבְּלִיכְ־
קֵייטֶען זֶענֶען אַן דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד
בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג:

תהלים יז

1 אַ גֶעבֶּעט פוּן דָוִד—הֶער אָ יְהוָֹה
דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, פֶערְנֶעם מֵיין
שְׁרֵייעֶן אוּנְד מֵיין גֶעבֶּעט װָאס אִיז
נִיט מִיט פַאלְשֶׁע לֶעפְצֶען:
2 פוּן פַאר דִיר זָאל מֵיין מִשְׁפָּט
אַרוֹיסְגֵיין, דֵיינֶע אוֹיגֶען זֶעהֶען דִיא
רֶעכְטפַארְטִיגְקֵייט:
3 דוּא הָאסְט גֶעפְּרִיפְט מֵיין הַארְץ,
בֵּייא נַאכְט הָאסְט דוּא מִיךְ גֶעלֵייטֶערְט—
אָבֶּער דוּא הָאסְט גָארְנִיט גֶעפוּנֶען,
מֵיין טְרַאכְטֶען אִיז אַז אִיךְ זָאל נִיט
עוֹבֵר זֵיין מִיט מֵיין מוֹיל:
4 אָבֶּער װָאס אַנְבֶּעלַאנְגְט דִיא מַעֲשִׂים
פוּן דִיא מֶענְשֶׁען דוּרְךְ דֶעם װָארְט פוּן
דֵיינֶע לֶעפְצֶען, אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעהִיט
פוּן דֶעם װֶעג פוּן דֶעם פֶערבְּרֶעכֶער
(רוֹיבֶּער):
5 אוּנְטֶערְהַאלְט מֵיינֶע שְׁרִיט אִין
דֵיינֶע שְׁטֶעגֶען, כְּדֵי מֵיינֶע טְרִיט זָאלֶען
זִיךְ נִיט אוֹיסְגְלִיטְשֶׁען:
6 אִיךְ רוּף דִיךְ אָן, װָארִין דוּא װֶעסְט
מִיר עֶנְטְפֶערְן; אָ גָאט נֵייג דֵיין אוֹיעֶר
צוּ מִיר, אוּנְד הֶער מֵיינֶע רֵייד:
7 בֶּעװֵייז דֵיינֶע װְאוּנְדֶערְלִיכֶע חֲסָדִים,
אָ דוּא װָאס הֶעלְפְסְט דִיא װָאס זוּכֶען
בֶּעשִׁיצוּנְג אִין דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד
קֶעגֶען דִיא (פֵיינְד) װָאס שְׁטֵייעֶן אוֹיף:
8 הִיט מִיךְ װִיא אֵיין אוֹיג־אַפֶּעל,
אִין דֶעם שָׁאטֶען פוּן דֵיינֶע פְלִיגֶעל
זָאלְסְט דוּא מִיךְ בֶּעהַאלְטֶען:
9 פוּן פַאר דִיא דָאזִיגֶע רְשָׁעִים װָאס
בֶּערוֹיבֶּען מִיךְ, מֵיינֶע פֵיינְד װָאס
רִינְגְלֶען מִיךְ אַרוּם אַװֶעק צוּ נֶעמֶען
מֵיין לֶעבֶּען:
10 זֵייא זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען אִין זֵייעֶר
אֵייגֶען פֶעט, זֵייעֶר מוֹיל רֶעט מִיט גַאֲוָה:
11 זֵייא הָאבֶּען אַצוּנְד אוּמְגֶערוּנְגֶען
אוּנְזֶערֶע שְׁרִיט, זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶרֶע
אוֹיגֶען גֶעטְהוּן אוּם זִיךְ אוֹיסְצוּשְׁפְּרֵייטֶען
אוֹיף דֶער עֶרְד:
12 אַזוֹי װִיא אַ לֵייבּ װָאס גְלוּסְט צוּ
פֶערְצוּקֶען, אוּנְד אַזוֹי װִיא אַ יוּנְגֶער
לֵייבּ װָאס לוֹיעֶרְט אִין דֶעם פֶערְבָּארְ־
גֶענֶעם:
13 שְׁטֵייא אוֹיף אָ יְהוָֹה, שְׁטֶעל דִיךְ
פַאר זֵיין פָּנִים, מַאךְ אִיהְם אַנִידֶערְד
קְנִיעֶן, זֵייא מַצִיל מֵיין נֶפֶשׁ פוּן דֶעם
רָשָׁע מִיט דֵיין שְׁװֶערְט:
14 (זֵייא מִיךְ מַצִיל) פוּן דִיא מֶענְשֶׁען
מִיט דֵיינֶער הַאנְד, אָ יְהוָֹה!—פוּן דִיא
װֶעלְט מֶענְשֶׁען װָאס הָאבֶּען זֵייעֶר
חֵלֶק אִין דִיזֶען לֶעבֶּען, אוּנְד װָאס דוּא
מַאכְסְט פוּל זֵייעֶר בּוֹיךְ מִיט דִיא
פֶערְבָּארְגֶענֶע זַאכֶען, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
זַאט גֶעמַאכְט מִיט קִינְדֶער, אוּנְד
לָאזֶען אִיבֶּער זֵייעֶר פֶערְמֶעגֶען צוּ
זֵייעֶרֶע יוּנְגֶע קִינְדֶער:
15 אָבֶּער אִיךְ, אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
װֶעל אִיךְ אָנְזֶעהֶען דֵיין פָּנִים, אִיךְ
װֶעל זַאט זֵיין װֶען אִיךְ װֶעל אוֹיפְװַאכֶען
אִין דֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט:

תהלים יח

1 צוּ דֶעם גֶעזַאנְג מֵייסְטֶער—פוּן דֶעם
קְנֶעכְט פוּן גָאט—דָוִד, װָאס הָאט גֶערֶעט

צוּ גָאט דִיא װֶערְטֶער פוּן דֶעם דָאזִיגֶען
גֶעזַאנְג, אַן דֶעם טָאג װֶען גָאט הָאט
אִיהְם מַצִיל גֶעװֶעזֶען אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן
אַלֶע זַיינֶע פֵיינְד, אוּנְד אוֹיס דֶער
הַאנְד פוּן שָׁאוּל:
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יְהֹוָה אִיז
מֵיין פֶעלְז אוּנְד מֵיינֶע פֶעסְטוּנְג, אוּנְד
עֶר מַאכְט מִיךְ עֶנְטְרִינֶען:
3 גָאט אִיז מֵיין פֶעלְז, װָאס אִיךְ
בֶּעשִׁיץ מִיךְ אִין אִיהְם, עֶר אִיז מֵיין שִׁילְד
אוּנְד דָאס הָארְן פוּן מֵיינֶע הִילְף, עֶר
אִיז מֵיין אוּנְטֶערְלֶעהְנֶער, אוּנְד מֵיינֶע
עֶנְטְלוֹיפוּנְג, עֶר אִיז מֵיין הֶעלְפֶער, דוּא
הֶעלְפְסְט מִיר פוּן דִיא רוֹיבֶּערְס:
4 אִיךְ װֶעל גָאט אָנְרוּפֶען װָאס אִיז
װֶערְט צוּ לוֹיבֶּען אוּנְד אִיךְ װֶעל
גֶעהָאלְפֶען װֶערֶען פוּן מֵיינֶע פֵיינְד:
5 װָארִין דִיא בְּרֶעכֶענִים פוּן דֶעם
טוֹיט הָאבֶּען מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, דִיא
שְׁלֶעכְטֶע חַיָילוֹת הָאבֶּען מִיךְ דֶער־
שְׁרָאקֶען:
6 דִיא חַיָילוֹת (אָדֶער שְׁטְרִיק) פוּן
שְׁאוֹל הָאבֶּען מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט,
דִיא שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פוּן דֶעם טוֹיט זֶענֶען
מִיר פָארְגֶעקוּמֶען:
7 װֶען עֶס אִיז מִיר עֶנְג גֶעװֶעזֶען
הָאבּ אִיךְ יְהֹוָה אָנְגֶערוּפֶען אוּנְד אִיךְ
הָאבּ אָנְגֶערוּפֶען צוּ מֵיין גָאט, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעהֶערְט מֵיין קוֹל פוּן זֵיין
הֵיכָל, אוּנְד מֵיין גֶעשְׁרֵייא אִיז גֶעקוּמֶען
אִין זֵיינֶע אוֹירֶען:
8 אוּנְד דִיא עֶרְד הָאט זִיךְ גֶע־
שָׁאקֶעלְט אוּנְד גֶעצִיטֶערְט, דִיא
גְרוּנְדְפֶעסְטֶען פוּן הִימֶעל הָאבֶּען
גֶעצִיטֶערְט אוּנְד גֶעשְׁטוּרְמְט, װײל עֶר
אִיז צָארְנִיג גֶעװֶעזֶען:
9 אַ רוֹיךְ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן
זֵיינֶע נָאזְלֶעכֶער, אוּנְד אַ פֵייעֶר פוּן
זֵיין מוֹיל הָאט פֶערְבְּרֶענְט, קוֹילֶען
הָאבֶּען דַאפוּן גֶעבְּרֶענְט:
10 עֶר הָאט גֶענֵייגְט דֶעם הִימֶעל
אוּנְד אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען, אוּנְד אַ
גֶענֶעפֶעל אִיז גֶעװֶעזֶען אוּנְטֶער זֵיינֶע פִים:
11 עֶר הָאט גֶערִיטֶען אוֹיף אַ כְּרוּב
אוּנְד הָאט גֶעשְׁװֶעבְּט, אוּנְד עֶר הָאט
זִיךְ בֶּעװִיזֶען אוֹיף דִיא פְלִיגֶעל פוּן
דֶעם װִינְד:
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא
פִינְסְטֶערְנִים אוּם אִיהְם אַרוּם צוּ בֵּיידְלֶעךְ
(סוּכּוֹת), רֶעגֶען־װַאסֶער אוּנְד דִיקֶע
װָאלְקֶען:
13 פוּן דֶעם גְלַאנְץ װָאס אִיז קֶעגֶען
אִיהְם גֶעװֶעזֶען זֶענֶען פֵייעֶרְדִיגֶע קוֹילֶען
אָנְגֶעבְּרֶענְט גֶעװָארֶען:
14 גָאט הָאט גֶעשְׁטוּרְמְט פוּן דֶעם
הִימֶעל, אוּנְד דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט
גֶעגֶעבֶּען זֵיין קוֹל הָאגֶעל אוּנְד פֵיירִיגֶע
קוֹילֶען:
15 עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט זֵיינֶע פֵיילֶען
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פֶערְשְׁפְּרֵייט, עֶר
הָאט גֶעלָאזְט בְּלִיצֶען אוּנְד עֶר הָאט
זֵייא פֶערְטוּימֶעלְט:
16 אוּנְד דִיא טִיפֶענִים פוּן דֶעם יַם
זֶענֶען גֶעזֶעהֶען גֶעװָארֶען, דִיא גְרוּנְד־
פֶעסְטֶען פוּן דֶער װֶעלְט זֶענֶען
עֶנְטפְּלֶעקְט גֶעװָארֶען, דוּרְךְ דֶעם
אָנְשְׁרֵייעֶן פוּן יְהֹוָה װֶעגֶען זֵיין
שְׁטַארְקֶען צָארְן:
17 עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט פוּן דֶער הֵייךְ
(הִימֶעל), אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶענוּמֶען,
עֶר הָאט מִיךְ אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען פוּן פִילֶע
װַאסֶערְן:
18 עֶר הָאט מִיךְ מַצִיל גֶעװֶעזֶען פוּן
מֵיינֶע רֶקֶע פֵיינְד, פוּן מֵיינֶע

שׂוֹנְאִים וָואס זֶענֶען שְׁטַארְקֶער פוּן מִיר׃

19 זֵייא זֶענֶען מִיר צוּפָארְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם טָאג פוּן בְּרָאךְ, אָבֶּער גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען מֵיינֶע אוּנְטֶערְלֶעהְנוּנְג׃

20 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אִין אַ בְּרֵייטֶען אָרְט, עֶר הָאט מִיךְ אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, וֵוייל עֶר הָאט לוּסְט אַן מִיר׃

21 גָאט הָאט מִיךְ בֶּעלוֹינְט נָאךְ מֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, נָאךְ דִיא רֵיינְהֵייט פוּן מֵיינֶע הֶענְד הָאט עֶר צוּ מִיר אוּמְגֶעקֶעהְרְט׃

22 וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעהִיט דִיא וֶועגֶען פוּן גָאט, אוּנְד אִיךְ בִּין נִיט מִיט שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אָפְּגֶעטְרֶעטֶען פוּן מֵיין גָאט׃

23 וָוארִין אַלֶע זֵיינֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען תָּמִיד קֶעגֶען (אָדֶער פַאר) מִיר, אוּנְד זֵיינֶע גֶעזֶעץ הָאבּ אִיךְ נִיט אָפְּגֶעטְהוּן פוּן פַאר מִיר׃

24 אוּנְד אִיךְ בִּין אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען גַאנְץ (אוֹיפְרִיכְטִיג) פַאר אִיהְם, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעהִיט פוּן מֵיינֶע זִינְד׃

25 אוּנְד גָאט הָאט מִיר אוּמְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ מֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, נָאךְ מֵיינֶע רֵיינְהֵייט אִין זֵיינֶע אוֹיגֶען׃

26 מִיט דֶעם גְנֶעדִיגֶען (חָסִיד) וֶועסְט דוּא טְהוּן חֶסֶד, אוּנְד מִיט דֶעם אוֹיפְרִיכְטִיגֶען מַאן הָאסְט דוּא דִיךְ אוֹיפְרִיכְטִיג בֶּעוִויזֶען׃

27 מִיט דֶעם רֵיינֶעם וֶועסְט דוּא דִיךְ אִין רֵיינְהֵייט בֶּעוֵוייזֶען, אָבֶּער מִיט דֶעם פֶערְקְרִימְטֶען וֶועסְט דוּא דִיךְ אוֹיךְ בֶּעוֵוייזֶען אַלְס וִוידֶערְשְׁטְרֵייטֶער׃

28 אוּנְד דֶעם אָרֶעמֶען פָאלְק וֶועסְט דוּא הֶעלְפֶען, אָבֶּער דֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אִיבֶּער דִיא הוֹיכְמִיטִיגֶען, אַז דוּא זָאלְסְט זֵייא נִידֶערִיג מַאכֶען׃

29 וָוארִין דוּא בִּיזְט מֵיין לִיכְט, אָ יְהוָֹה, גָאט וֶועט דֶערְלֵייכְטֶען מֵיינֶע פִינְסְטֶערְנִיס׃

30 וָוארִין דוּרְךְ דִיר קֶען אִיךְ לוֹיפֶען קֶעגֶען אַ חַיִל, אוּנְד דוּרְךְ מֵיין גָאט קֶען אִיךְ אִיבֶּער אַ מוֹיעֶר שְׁפְּרִינְגֶען׃

31 אָבֶּער וָואס גָאט אַנְבֶּעטְרֶעפְט, זֵיין וֶועג אִיז גַאנְץ (פָאלְקָאמֶען), דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז גֶעלֵייטֶערְט, עֶר אִיז אַ בֶּעשִׁיצוּנְג צוּ אַלֶע וָואס פֶערְטְרוֹיעֶן אִין אִיהְם׃

32 וָוארִין וֶוער אִיז גָאט חוּץ יְהוָֹה? אוּנְד וֶוער אִיז אַ פֶעלְז חוּץ אוּנְזֶער גָאט?

33 גָאט אִיז מֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט אוּנְד קְרַאפְט, אוּנְד עֶר מַאכְט מֵיין וֶועג גַאנְץ פָאלְקָאמֶען׃

34 עֶר הָאט גֶעמַאכְט גְרָאד מֵיינֶע פִיס וִויא דִיא פִיס פוּן אַ הִינְדִין, אוּנְד אוֹיף מֵיינֶע הוֹיכֶע עָרְטֶער הָאט עֶר מִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט׃

35 עֶר לֶערְנְט מֵיינֶע הֶענְד מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, אוּנְד מֵיינֶע אָרֶעמֶעס בֵּייגֶען אַ קוּפֶּערְנֶעם בּוֹיגֶען׃

36 אוּנְד דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען דָאס שִׁילְד (פַאנְצֶער) פוּן דֵיינֶע הִילְף, אוּנְד דֵיינֶע (עֲנָוָה) דֶעמִיטִיגְקֵייט הָאט מִיךְ גְרוֹיס גֶעמַאכְט׃

37 דוּא הָאסְט דֶערְבְּרֵייטֶערְט מֵיינֶע טְרִיט הִינְטֶער מִיר, אוּנְד מֵיינֶע קְנֶע־בֶּעל הָאבֶּען זִיךְ נִיט אוֹיסְגֶעגְלִיטְשְׁט׃

38 אִיךְ הָאבּ נָאכְגֶעיָאגְט מֵיינֶע פֵיינְד אוּנְד הָאבּ זֵייא פֶערְטִילְגְט, אוּנְד בִּין נִיט צוּרִיקְגֶעקוּמֶען בִּיז אִיךְ הָאבּ פוּן זֵייא אַן עֶנְד גֶעמַאכְט׃

39 אִיךְ װֶעל זַייא פֶּערװוּנְדֶען אַז זַייא װֶעלֶען נִיט קֶענֶען אויפְשְׁטֵיין, זַייא װֶעגֶען גֶעפַאלֶען הִינְטֶער מֵיינֶע פִּיס:

40 אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ אָנְגֶעגַארְטֶעלְט מִיט קְרַאפְט צוּ דֶער מִלְחָמָה, דוּא הָאסְט (אוּנְטֶערְטֶענִיג) קְנִיעֶן גֶעמַאכְט דִיא װָאס װֶעגֶען הִינְטֶער מִיר אויפְגֶעשְׁטַאנֶען:

41 דוּא הָאסְט מִיר אוֹיךְ גֶעגֶעבֶען דֶעם נַאקֶען פוּן מֵיינֶע פֵיינְד, אַז אִיךְ זָאל פֶערשְׁנֵיידֶען דִיא װָאס הָאבֶען מִיךְ פֵיינְד:

42 זַייא הָאבֶען גֶעשְׁרִיעֶן, אָבֶער עֶס הָאט זַייא קֵיינֶער נִיט גֶעהָאלְפֶען, אוּנְד אַפִּילוּ צוּ יְהֹוָה אָבֶער עֶר הָאט זַייא נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט:

43 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא צֶערְמָאלֶען װִיא דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן דֶער עֶרְד, אִיךְ הָאבּ זַייא צוּשְׁטוֹיסֶען אוּנְד צוּטְרֶעטֶען װִיא דָאס לֵיים פוּן דֶער גַאס:

44 אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעמַאכְט עֶנְטְרִינֶען פוּן דִיא קְרִיגֶער פוּן מֵיין פָאלְק, דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעמַאכְט אַז אִיךְ זָאל זַיין אַ רוֹאשׁ אִיבֶּער דִיא גוֹיִם, אַ פָאלְק װָאס אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעקֶענְט זָאלֶען מִיךְ דִינֶען:

45 דִיא קִינְדֶער פוּן פְרֶעמְדֶע װֶעלֶען צוּ מִיר לֵייקֶענֶען, נָאךְ דֶעם הֶערֶען מִיט זֵייעֶר אוֹיעֶר װֶעלֶען זַייא מִיךְ גֶעהָארְכֶען מַחְמַת מוֹרָא:

46 קִינְדֶער פוּן פְרֶעמְדֶע װֶעלֶען פֶערְװֶעלְקֶען, זַייא װֶעלֶען מוֹרָא הָאבֶען פוּן זֵיירֶע פֶערשְׁלִיסוּנְגֶען:

47 גָאט לֶעבְּט, אוּנְד גֶעבֶּענְשְׁט אִיז מֵיין פֶעלְז, אוּנְד דֶערְהוֹיבֶּען אִיז גָאט דֶער בֶּעשֶׁעפֶּער פוּן מֵיינֶער הִילְף:

48 עֶר אִיז דֶער גָאט װָאס גֶעט נְקָמוֹת צוּ מִיר, אוּנְד עֶר מַאכְט פֶעלְקֶער צוּ מִיר אוּנְטֶערְטֶענִיג:

49 אוּנְד עֶר צִיהְט מִיךְ אַרוֹיס פוּן מֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד אִיבֶּער דִיא װָאס שְׁטֵייעֶן אויף קֶעגֶען מִיר הָאסְט דוּא מִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען; דוּא הָאסְט מִיךְ מַצִיל גֶעװֶעזֶען פוּן דֶעם רוֹיבֶּערִישֶׁען מַאן:

50 דַארִיבֶּער װֶעל אִיךְ דִיךְ, אָ גָאט, לוֹיבֶּען אוּנְטֶער דִיא גוֹיִם, אוּנְד אִיךְ װֶעל זִינְגֶען צוּ דֵיין נָאמֶען:

51 עֶר מַאכְט גְרוֹיס דִיא הִילְף פוּן זֵיין מֶלֶךְ, אוּנְד עֶר טְהוּט חֶסֶד צוּ זֵיין גֶעזַאלְבְּטֶען, צוּ דָוִד אוּנְד צוּ זֵיין זָאמֶען בִּיז אויף אֵייבִּיג:

## תהלים יט

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד:

2 דִיא הִימֶעלְן דֶערְצֵיילֶען דֶעם כָּבוֹד פוּן גָאט, אוּנְד דִיא מַעֲשִׂים פוּן זֵיינֶע הֶענְד זָאגְט אָן דִיא אויסבְּרֵייטוּנְג (רָקִיעַ):

3 אֵיין טָאג זָאגְט אָן דִיא רֵייד צוּ דֶעם אַנְדֶערְן טָאג, אוּנְד אֵיינֶע נַאכְט זָאגְט אָן דִיא װִיסֶענְשַׁאפְט צוּ דִיא אַנְדֶערֶע נַאכְט:

4 עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנְדֶען אַ זָאג, אוּנְד קֵיינֶע רֵייד װָאס מֶען הֶערְט נִיט זֵייעֶר קוֹל:

5 זֵיירֶע שְׁנוּר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער גַאנְצֶער װֶעלְט, אוּנְד זֵייעֶר װָארְט בִּיז צוּם עֶק פוּן דֶער װֶעלְט; עֶר הָאט אִין זַייא גֶעמַאכְט אַ גֶעצֶעלְט צוּ דֶער זוּן:

6 אוּנְד עֶר אִיז װִיא אַ חָתָן װָאס גֵייט אַרוֹיס פוּן זֵיינֶע חוּפָּה, עֶר פְרֵייעֶט זִיךְ װִיא אַ שְׁטַארְקֶער צוּ לוֹיפֶען דֶעם װֶעג:

7 זֵיין אַרויסגַיין אִיז פוּן דֶעם עֶק
הִימֶעל, אוּנְד זֵיין אַרוּמְרִינְגֶעלְן בִּיז
צוּם אַנְדֶערְן עֶק, אוּנְד עֶס אִיז גָאר
נִיט פֶערְבָּארְגֶען פַאר זֵיינֶער הִיץ׃
8 דִיא תּוֹרָה פוּן גָאט אִיז גַאנְץ, אוּנְד
בֶּעקֶעהְרְט דִיא נְשָׁמָה; דָאס עֵדוּת פוּן
גָאט אִיז בֶּעגְלֵייבְּט, זִיא מַאכְט קְלוּג
דֶעם נַאר׃
9 דִיא בֶּעפֶעהְלֶע פוּן גָאט זֶענֶען
אוֹיפְרִיכְטִיג, דֶערפְרֵייעֶן דָאס הַארְץ,
דִיא מִצְוֹת פוּן גָאט זֶענֶען לוֹיטֶער,
זֵייא דֶערלֵייכְטֶען דִיא אוֹיגֶען׃
10 דִיא פוֹרְכְט פוּן גָאט אִיז רֵיין
אוּנְד בֶּעשְׁטֵייט אוֹיף אֵייבִּיג; דִיא
מִשְׁפָּטִים פוּן גָאט זֶענֶען אֶמֶת, אוּנְד
מִיט אַנַאנְדֶער גֶערֶעכְט׃
11 זֵייא זֶענֶען מֶעהְר גְלוּסְטִיג פוּן
גָאלְד, אוּנְד פִיל בֶּעסֶער וִויא פֵיינְ־
גָאלְד, אוּנְד זִיסֶער וִויא הָאנִיג אוּנְד
טְרִיפְהָאנִיג׃
12 דוּרְךְ זֵייא אִיז אוֹיךְ דֵיין קְנֶעכְט
גֶעוָוארֶענְט, אוּנְד וֶוער עֶס טְהוּט זֵייא
הִיטֶען הָאט אַ גְרוֹיסֶען (שָׂכָר) לוֹין׃
13 וֶוער מֶערְקְט זֵיינֶע אֵייגֶענֶע פֶעהְ־
לֶער? רֵיינִיגֶע מִיךְ פוּן דִיא פֶערְבָּארְ־
גֶענֶע פֶעהְלֶערְם׃
14 הַאלְט אוֹיךְ צוּרִיק דֵיין קְנֶעכְט
פוּן דִיא זִינְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן
בְּמֵזִיד, לָאזֶען זֵייא נִיט אִיבֶּער מִיר
גֶעוָועלְטִיגֶען, דֶענְסְטְמָאל וֶועל אִיךְ זֵיין
גַאנְץ, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵיין רֵיין פוּן
גְרוֹיסֶער זִינְד׃
15 לָאזֶען דִיא רֵייד פוּן מֵיין מוֹיל
אוּנְד דָאס טְרַאכְטֶען פוּן מֵיין הַארְץ
זֵיין וָואוילְגֶעפֶעלִיג פַאר דִיר, אָ יְהוָֹה,
מֵיין שְׁטַארְקֶער פֶעלְז אוּנְד מֵיין
דֶערְלֵייזֶער׃

## תהלים כ

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—אַ גֶעזַאנְג פוּן
דָוִד׃
2 גָאט זָאל דִיר עֶנְטְפֶערְן אִין דֶעם
טָאג פוּן אַ צָרָה, דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם
גָאט פוּן יַעֲקֹב זָאל דִיךְ שְׁטַארְקֶען׃
3 עֶר זָאל דִיר שִׁיקֶען דֵיינֶע הִילְף
פוּן זֵיין הֵיילִיגֶען הֵיכָל, אוּנְד אוֹיס צִיוֹן
זָאל עֶר דִיךְ אוּנְטֶערְלֶעהְנֶען׃
4 עֶר זָאל גֶעדֶענְקֶען אַלֶע דֵיינֶע
מְנָחוֹת, אוּנְד דֵיינֶע פֶעטֶע עוֹלוֹת,
סֶלָה׃
5 עֶר זָאל דִיר גֶעבֶּען אַזוֹי וִויא דֵיין
הַארְץ פֶערְלַאנְגְט, אוּנְד עֶר זָאל דֶערְ־
פִילֶען אַלֶע דֵיינֶע עֵצוֹת׃
6 מִיר וֶועלֶען זִינְגֶען אִין דֵיינֶע הִילְף,
אוּנְד אִין דֶעם נָאמֶען פוּן אוּנְזֶער גָאט
וֶועלֶען מִיר אוֹיפְהֵייבֶּען דֶעם פָאהְן;
גָאט זָאל דֶערְפִילֶען אַלֶע דֵיינֶע פֶערְ־
לַאנְגֶען׃
7 אַצוּנְד ווייס אִיךְ אַז גָאט הֶעלְפְט
זֵיין גֶעזַאלְבְּטֶען, עֶר וֶועט אִיהְם עֶנְטְ־
פֶערְן פוּן זֵיין הֵיילִיגֶען הִימֶעל, מִיט
דִיא שְׁטַארְקְהֵייט פוּן דֶער הִילְף פוּן
זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד׃
8 מַאנְכֶע פֶערְטְרוֹיעֶן אִין רֵייטְוָועגֶען,
אוּנְד מַאנְכֶע אִין פֶערְד, אָבֶּער מִיר
וֶועלֶען נוּר גֶעדֶענְקֶען דֶעם נָאמֶען פוּן
יְהוָֹה אוּנְזֶער גָאט׃
9 זֵייא קְנִיעֶן אַנִידֶער אוּנְד פַאלֶען,
אָבֶּער מִיר שְׁטֵייעֶן אוֹיף אוּנְד בֶּעְ־
שְׁטֵייעֶן מִיט אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט׃
10 הֶעלְף, אָ יְהוָֹה, לָאז דֶער מֶלֶךְ
אוּנְס עֶנְטְפֶערְן אַן דֶעם טָאג וֶוען מִיר
רוּפֶען אִיהְם אָן׃

## תהלים כא

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד׃

2 אָ יְהוָֹה, אִין דֵיינֶע שְׁטַארְקְהַייט
פְרֵייעט זִיךְ דֶער מֶלֶךְ; אוּנְד אִין דֵיינֶע
הִילְף וִויא זֵייעֶר טְהוּט עֶר זִיךְ
פְרֵייעֶן:
3 דוּא הָאסְט צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען דָאס
גְלִיסְטֶען פוּן זַיין הַארְץ, אוּנְד דוּא
הָאסְט נִיט פֶערְמִיטֶען דִיא רֵייד (דָאס
גֶעבֶּעט) פוּן זֵיינֶע לֶעפְּצֶען. סֶלָה:
4 וָוארִין דוּא הָאסְט אִיהְם גֶעפֶּערְ־
דֶערְט מִיט גוּטֶע בְּרָכוֹת, דוּא הָאסְט
גֶעטְהוּן אוֹיף זַיין קָאפּ אַ קְרוֹין פוּן
רֵיין גָאלְד:
5 עֶר הָאט פוּן דִיר גֶעבֶּעטֶען לֶעבֶּען,
אוּנְד דוּא הָאסְט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען, אַפִּילוּ
פֶערלֶענְגֶערְטֶע טֶעג (יָאהְרֶען) אוֹיף
אִימֶער אוּנְד אֵייבִּיג:
6 זַיין כָּבוֹד אִיז גְרוֹיס אִין דֵיינֶע
הִילְף, דוּא הָאסְט אוֹיף אִיהְם גֶעטְהוּן
לוֹיבּוּנְג אוּנְד שֵׁיינְהַייט:
7 וָוארִין דוּא הָאסְט אִיהְם אוֹיף
אֵייבִּיג גֶעבֶּענְשְׁט; דוּא דֶערפְרֵייעֶסְט
אִיהְם מִיט דֶער שִׂמְחָה פוּן דֵיין פָּנִים:
8 וָוארִין דֶער מֶלֶךְ הָאט אַ בִּטָחוֹן
אִין גָאט, אוּנְד דוּרְךְ דֶעם חֶסֶד פוּן
דֶעם אֵייבֶּערשְׁטֶען וֶועט עֶר זִיךְ נִיט
אוֹיסגְלִיטְשֶׁען:
9 דֵיינֶע הַאנְד וֶועט אוֹיסְגֶעפִינֶען אַלֶע
דֵיינֶע פֵיינְד, דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד וֶועט
אוֹיסְגֶעפִינֶען דִיא וָואס הַאסֶען דִיךְ:
10 דוּא וֶועסְט זֵייא מַאכֶען אַזוֹי וִויא
אַ פֵייעֶרִיגֶען אוֹיפֶען אִין דֶער צֵייט
פוּן דֵיין צָארְן, יְהוָֹה וֶועט זֵייא פֶערְ־
שְׁלִינְגֶען מִיט זַיין גְרִימְצָארְן, אוּנְד אַ
פֵייעֶר וֶועט זֵייא פֶערבְּרֶענְגֶען:
11 זֵייעֶרֶע פְרוּכְט וֶועסְט דוּא פֶערְ־
טִילְגֶען פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד זֵייעֶר
זָאמֶען (קִינְדֶער) פוּן דִיא מֶענְשֶׁען:
12 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען קֶעגֶען דִיר
גֶעגֵיינְט אוּנְד גֶעטְרַאכְט בֵּייזֶעס וָואס
זֵייא הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעקָאנְט טְהוּן:
13 וָוארִין דוּא וֶועסְט זֵייא מַאכֶען צוּ אַ
צִיעֶל, וֶוען דוּא וֶועסְט צוּבְּרֵייטֶען דֵיינֶע
שְׁטְרִיק אוֹיף זֵייעֶר פָּנִים:
14 דֶערְהֵייבּ דִיךְ אָ יְהוָֹה אִין דֵיינֶע
שְׁטַארְקְהַייט, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר זִינְגֶען
אוּנְד לוֹיבֶּען דֵיינֶע גְבוּרוֹת:

## תהלים כב

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער פוּן אַיֶלֶת הַשַּׁחַר–
אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד:
2 מֵיין גָאט! מֵיין גָאט! וָוארוּם הָאסְט
דוּא מִיךְ פֶערְלָאזֶען? דוּא בִּיזְט וֵוייט
פוּן מֵיינֶע הִילְף אוּנְד פוּן דִיא רֵייד
פוּן מֵיין גֶעשְׁרֵייא:
3 אָ מֵיין גָאט! אִיךְ רוּף בֵּייא טָאג
אוּנְד דוּא עֶנְטְפֶערְסְט מִיר נִיט, אוּנְד
בֵּייא נַאכְט אִיז אוֹיךְ קֵיין שְׁוֵוייגֶען צוּ
מִיר:
4 אָבֶּער דוּא בִּיזְט הֵיילִיג, וָואס
וְואוֹינְסְט אוּנְטֶער דֶעם לוֹיבּ פוּן יִשְׂרָאֵל:
5 אִין דִיר הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע אָבוֹת אַ
בִּטָחוֹן גֶעהַאט, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶּערְ־
זִיכֶערְט אוּנְד זֵייא זֶענֶען עֶנְטְרִינֶען:
6 זֵייא הָאבֶּען צוּ דִיר גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד
זֵייא זֶענֶען עֶנְטְרִינֶען גֶעוָוארֶען, זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ אִין דִיר פֶערְזִיכֶערְט אוּנְד
זֵייא זֶענֶען נִיט פֶערְשֶׁעמְט גֶעוָוארֶען:
7 אָבֶּער אִיךְ–אִיךְ בִּין אַ וָוארְם אוּנְד
נִיט אַ מַאן, אַ שֶׁענְדוּנְג פוּן מֶענְשֶׁען,
אוּנְד אַ פֶערַאכְטֶעטֶער פוּן דֶעם
פָאלְק:
8 אַלֶע וָואס זֶעהֶען מִיךְ שְׁפֶּעטֶען
אִיבֶּער מִיר, זֵייא עֶפְנֶען זֵייעֶרֶע לִיפֶּען
אוּנְד שָׁאקֶעלְן דֶעם קָאפּ:
9 (זֵייא זָאגֶען) לָאז עֶר זִיךְ וֶועלְגֶערְן

אויף

אויף גאָט, אַז ער זאָל איהם בעפרייען, לאָז ער איהם מציל זיין, ווען ער האָט אַ פערלאַנגען צו איהם׃

10 וואָרין דוא ביזט דער וואָס האָט מיך אַרויסגענומען פון מיין מוטער'ס בויך, דוא האָסט מיך געמאַכט פערטרויען ווען איך בין נאָך געוועזען אַן דיא ברוסט פון מיינע מוטער׃

11 אויף דיר בין איך געוואָרפען געוואָרען פון מוטערלייב; פון מיינער מוטערלייב אַן ביזט דוא מיין גאָט׃

12 דוא זאָלסט דיך ניט דערווייטערן פון מיר, וואָרין דיא צרה איז נאָהענט, דען עס איז ניט דאָ קיין העלפער׃

13 פיל אָקסען האָבען מיך אַרומגערינגעלט, פעטע אָקסען פון בשן האָבען מיך אַרומגערינגעלט וויא אַ קרוין׃

14 זייא האָבען אויף מיר אויפגעמאַכט זייערע מיילער, וויא אַ לייב וואָס פערצוקט אונד שרייעט׃

15 איך בין אויסגעגאָסען געוואָרען וויא וואַסער, אונד אַלע מיינע ביינער זענען פערשפּרייט געוואָרען, מיין האַרץ איז געוואָרען וויא וואַקס וואָס ווערט צושמאָלצען אין מיינע געדערם׃

16 מיין כח איז טראָקען געוואָרען וויא אַ שאַרבען, אונד מיינע צונג איז בעהעפט געוואָרען צו מיינע באַקצעהן, אונד דוא האָסט מיך אַנידער געלייגט אין דעם שטויב פון טויט׃

17 וואָרין הינד האָבען מיך אַרומגערינגעלט, אַ שלעכטע געמיינדע האָט מיך אַרומגערינגעלט, זייא האָבען מיינע הענד אונד מיינע פיס דורכגעשטאָכען׃

18 איך צייל אַלע מיינע ביינער, זייא קוקען אונד זעהען מיך אָן׃

19 זייא צוטיילען צו זיך מיינע קליידער, אונד איבער מיין אויבערקלייד וואַרפען זייא גורל׃

20 אָבער דוא, אָ גאָט, דערווייטער דיך ניט, אָ מיינע שטאַרקהייט, אייל דיך צו מיינע הילף׃

21 זייא מציל מיינע זעעלע פון דעם שווערט, פון דער האַנד פון דעם כלב מיינע איינציגע (זעעלע)׃

22 העלף מיר אויס דעם מויל פון דעם לייב, אונד פון דיא הערנער פון דעם בופעל־אָקס ענטפער מיר׃

23 איך וועל דערציילען דיין נאָמען צו מיינע ברידער, אין דער מיטען פון דער געמיינדע וועל איך דיך לויבען׃

24 דיא וואָס האָבען מורא פאַר גאָט, זאָלען איהם לויבען; אַלע קינדער פון יעקב זאָלען איהם בכבוד האַלטען, אונד אַלע קינדער פון ישראל זאָלען פאַר איהם מורא האָבען׃

25 וואָרין ער האָט ניט פערשעהמט אונד אויך ניט פעראומווירדיגט דאָס עלענד פון דעם אָרעמען, אונד ער האָט ניט זיין פנים פון איהם פערבאָרגען, אונד ווען ער האָט צו איהם געשריגען, אַזוי האָט ער (זיין געשרייא) געהערט׃

26 אין דיא גרויסע פערזאַמלונגען איז מיין לויב פון דיר, קעגען דיא וואָס האָבען פאַר איהם מורא וועל איך מיינע נדרים בעצאָלען׃

27 דיא דעמיטיגע וועלען עסען אונד זאַט ווערען, אונד דיא וואָס זוכען איהם (גאָט), וועלען לויבען יהוה, אייער האַרץ וועט ביז אייביג לעבען׃

28 אַלע עקען פון דער ערד וועלען

גֶערֶענְקֶען אוּנְד זִיךְ ווִידֶערקֶעהְרֶען צוּ
יְהוָֹה, אוּנְד אַלֶע מִשְׁפָּחוֹת פוּן דִיא
גוֹיִם וֶועלֶען זִיךְ צוּ דִיר בִּיקֶען׃
29 ווָארִין צוּ יְהוָֹה גֶעהֶערְט דִיא מְלוּכָה,
אוּנְד עֶר גֶעוֶועלְטִיגְט אִיבֶּער אַלֶע
פֶעלְקֶער׃
30 אַלֶע פֶעטֶע פוּן דֶער עֶרְד וֶועלֶען
עֶסֶען אוּנְד זִיךְ בִּיקֶען, אוּנְד אַלֶע
ווָעלְכֶע אַרָאפְּנִידֶערְן צוּ דֶעם שְׁטוֹיבּ
וֶועלֶען פַאר אִיהְם אַנִידֶערקְנִיעֶן, אוּנְד
קֵיינֶער וֶועט נִיט קֶענֶען דֶערְהַאלְטֶען
זַיין אֵייגֶענֶע זֶעלֶע׃
31 אֵיין זָאמֶען וֶועט אִיהְם דִינֶען, אוּנְד
מֶען וֶועט דֶערְצֵיילֶען פוּן דֶעם הַאר צוּ
דֶעם (שְׁפֶּעטֶערְן) דוֹר׃
32 זֵייא וֶועלֶען קוּמֶען אוּנְד וֶועלֶען
דֶערְצֵיילֶען זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, צוּ אַ
פָאלְק ווָאס וֶועט גֶעבּוֹירֶען ווָערֶען,
דָאס עֶר הָאט עֶס גֶעטְהוּן׃

תהלים כג

1 אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד–יְהוָֹה אִיז מֵיין
פַּאסְטוּך (הִירְטֶע), מִיר וֶועט גָאר נִיט
פֶעהְלֶען׃
2 עֶר מַאכְט מִיךְ לַאגֶערְן אוֹיף דִיא
גְרִינֶע (ווִייდֶע) עֶרְטֶער, עֶר פִיהְרְט מִיךְ
בֵּייא דִיא רוּהִיגֶע ווַאסֶערְן׃
3 עֶר דֶערְקְווִיקְט מֵיינֶע זֶעלֶע, עֶר
פִיהְרְט מִיךְ אִין דִיא וֶועגֶען פוּן גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט, פוּן וֶועגֶען זֵיין נָאמֶען׃
4 וֶוען אִיךְ גֵייא אֲפִילוּ אִין דֶעם
טָאל פוּן דֶעם טוֹיטֶען־שָׁאטֶען, הָאבּ
אִיךְ אוֹיךְ נִיט מוֹרָא פִיר קֵיין שְׁלֶעכְ־
טֶעס, ווָארִין דוּא בִּיזְט מִיט מִיר, דֵיין
רוּט אוּנְד דֵיין שְׁטֶעקֶען, זֵייא טְרֵייסְטֶען
מִיךְ׃
5 דוּא וֶועסְט אָנְרִיכְטֶען פַאר מִיר
אַ טִישׁ עֶנְטְקֶעגֶען מֵיינֶע פֵיינְד, דוּא
הָאסְט פֶעט גֶעמַאכְט מֵיין קָאפּ מִיט
אֵייל, מֵיין כּוֹס רִינְט אִיבֶּער׃
6 נָאר גוּטֶעס אוּנְד חֶסֶד וֶועלֶען מִיךְ
נָאכְיָאגֶען אַלֶע מֵיינֶע לֶעבֶּענְסְטֶעג;
אוּנְד אִיךְ וֶועל בְּלֵייבֶּען אִין דֶעם הוֹיז
פוּן יְהוָֹה אוֹיף אֵייבִּיגֶע (לַאנְגֶע טֶעג)׃

תהלים כד

1 אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד–צוּ יְהוָֹה גֶעהֶערְט
דִיא עֶרְד אוּנְד אִיהְרֶע פוּלְהֵייט, דִיא
וֶועלְט, אוּנְד דִיא ווָאס ווְאוֹינֶען אִין
אִיהְר׃
2 ווָארִין עֶר הָאט זֵייא גֶעגְרִינְדֶפֶעסְ־
טֶעט אוֹיף דִיא יַמִים, אוּנְד בֵּייא דִיא
טֵייכֶען הָאט עֶר זֵייא אָנְגֶעבְּרֵייט׃
3 וֶוער וֶועט אַרוֹיפְגֵיין אוֹיף דֶעם
בַּארְג פוּן גָאט? אוּנְד וֶוער קֶען
שְׁטֵיין אוֹיף זֵיין הֵיילִיגֶען אָרְט?
4 דֶער ווָאס הָאט אוּנְשׁוּלְדִיגֶע הֶענְד,
אוּנְד אַ קְלָאר הַארְץ, ווָאס הָאט נִיט
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיינֶע נְשָׁמָה צוּ פַאלְשׁ־
קֵייט, אוּנְד ווָאס הָאט נִיט גֶעשְׁווָאוֹירֶען
צוּם בֶּעטְרָאג׃
5 דֶער וֶועט דֶערְהַאלְטֶען אַ בְּרָכָה
פוּן גָאט, אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן
דֶעם גָאט ווָאס אִיז זֵיין הֶעלְפֶער׃
6 דָאס דָאזִיגֶע אִיז דָאס דוֹר ווָאס
פָארְשְׁט אִיהְם,–ווָאס זוּכְט דֵיין פָּנִים אָ
(גָאט פוּן) יַעֲקֹב, סֶלָה׃
7 הֵייבְּט אוֹיף, אִיהְר טוֹירֶען, אֵיירֶע
שְׁפִּיצֶען, אוּנְד ווֶוערְט דֶערְהוֹיבֶּען אִיהְר
אֵייבִּיגֶע טִירֶען, כְּדֵי דֶער מֶלֶךְ הַכָּבוֹד
זָאל אַרֵיינְקוּמֶען׃
8 וֶוער אִיז דָאס דֶער מֶלֶךְ הַכָּבוֹד?
יְהוָֹה דֶער שְׁטַארְקֶער אוּנְד מֶעכְטִיגֶער,
יְהוָֹה ווָאס אִיז אַ גִבּוֹר אִין דֶער
מִלְחָמָה!
9 הֵייבְּט אוֹיף, אִיהְר טוֹירֶען, אֵיירֶע

שְׁפִּיצֶען, אוּנְד דֶערְהֵייבְּט אֵייךְ אִיהְר
אֵייבִּיגֶע טִירֶען, כְּדֵי דֶער מֶלֶךְ הַכָּבוֹד
זָאל אַרֵיינְקוּמֶען:
10 װֶער אִיז דֶער מֶלֶךְ הַכָּבוֹד?
יְהוָֹה צְבָאוֹת, עֶר אִיז דֶער מֶלֶךְ
הַכָּבוֹד, סֶלָה:

## תהלים כה

1 פוּן דָוִד—צוּ דִיר אָ יְהוָֹה דֶערְהֵייבּ
אִיךְ מֵיינֶע זֶעלֶע:
2 אָ מֵיין גָאט! אִין דִיר הָאבּ אִיךְ
מִיךְ פֶערְזִיכֶערְט, לָאז מִיךְ נִיט פֶערְ־
שֶׁעמְט װֶערֶען, לָאזֶען זִיךְ נִיט מֵיינֶע
פֵיינְד אִיבֶּער מִיר פְרֵייעֶן:
3 אוֹיךְ אַלֶע וָואס הָאפֶען אוֹיף דִיר
װֶעלֶען נִיט פֶערְשֶׁעמְט װֶערֶען, אָבֶּער
לָאזֶען דִיא וָואס זֶענֶען אוּמְזוּנְסְט פַאלְשׁ
פֶערְשֶׁעמְט װֶערֶען:
4 אָ יְהוָֹה, לָאז מִיךְ װִיסֶען דֵיין װֶעג,
אוּנְד לֶערְנְט מִיךְ דֵיינֶע שְׁטֶעגֶען:
5 מַאךְ מִיךְ טְרֶעטֶען אִין דֵיין אֶמֶת,
אוּנְד לֶערְנְט מִיךְ, וָוארִין דוּא בִּיזְט
דֶער גָאט פוּן מֵיינֶע הִילְף—אוֹיף דִיר
הָאף אִיךְ דֶעם גַאנְצֶען טָאג:
6 אָ גָאט, גֶעדֶענְק דֵיינֶע רַחֲמָנוּת,
אוּנְד דֵיינֶע חֲסָדִים וָוארִין זֵייא זֶענֶען
דָאךְ פוּן אֵייבִּיג אָן:
7 אָבֶּער דִיא זִינְד פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד
אוּנְד מֵיינֶע פְּשָׁעִים זָאלְסְט דוּא נִיט
גֶעדֶענְקֶען; גֵייעֶרְט נָאךְ דֵיינֶע חֲסָדִים
זָאלְסְט דוּא מִיךְ גֶעדֶענְקֶען, פוּן װֶעגֶען
דֵיינֶע גוּטְקֵייט, אָ גָאט!
8 גוּט אוּנְד רֶעכְטפַארְטִיג אִיז גָאט,
דַארוּם לֶערְנְט עֶר דִיא זִינְדִיגֶע אִין
דֶעם װֶעג:
9 דִיא דֶעמִיטִיגֶע װֶעט עֶר פִירְהֶרֶען
אִין דֶעם רֶעכְט, אוּנְד עֶר װֶעט דִיא
דֶעמִיטִיגֶע מַאכֶען לֶערְנֶען זֵיין װֶעג:
10 אַלֶע װֶעגֶען פוּן גָאט זֶענֶען חֶסֶד
אוּנְד אֶמֶת, צוּ דִיא וָואס הִיטֶען זֵיין
בְּרִית אוּנְד זֵיינֶע צֵייגְנִיסֶען:
11 פוּן װֶעגֶען דֵיין נָאמֶענְ׳ס װִילֶען אָ
גָאט, זָאלְסְט דוּא פֶערְגֶעבֶּען מֵיינֶע
זִינְד, וָוארִין זֵייא זֶענֶען גְרוֹיס:
12 װֶער אִיז דֶער מַאן וָואס הָאט
מוֹרָא פַאר גָאט?—דֶעם װֶעט עֶר
בֶּעלֶעהְרֶען אִין דֶעם װֶעג וָואס עֶר
װֶעט אוֹיסְדֶערְװֵוילֶען:
13 זֵיין נֶפֶשׁ װֶעט װְאוֹינֶען אִין דֶעם
גוּטֶען, אוּנְד זֵיינֶע קִינְדֶער װֶעלֶען
יַרְשְׁנְ׳ן דָאס לַאנְד:
14 גָאטְ׳ס סוֹד אִיז עֶנְטפְּלֶעקְט צוּ
דִיא וָואס פָארְכְטֶען אִיהְם, אוּנְד עֶר
מַאכְט צוּ זֵייא בֶּעקַאנְט זֵיין בְּרִית:
15 מֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג
אוֹיף גָאט, וָוארִין עֶר װֶעט אַרוֹיסְצִיהֶען
מֵיינֶע פִיס פוּן דֶעם נֶעץ:
16 קֶעהְר דִיךְ צוּ מִיר, אוּנְד דֶערְ־
בַּארְם דִיךְ אִיבֶּער מִיר, וָוארִין אִיךְ
בִּין אַ יָחִיד אוּנְד בִּין גַאנְץ עֶלֶענְד:
17 דִיא צָרוֹת פוּן מֵיין הַארְץ זֶענֶען
דֶערבְּרֵייטֶערְט גֶעוָוארֶען, צִיה מִיךְ
אַרוֹיס פוּן מֵיינֶע עֶנְגְשַׁאפְט:
18 זֶעה אָן מֵיינֶע אָרֶעמְקֵייט אוּנְד
מֵיינֶע מִידִיגְקֵייט, אוּנְד פֶערְגִיבּ אַלֶע
מֵיינֶע זִינְד:
19 זֶעה אָן מֵיינֶע פֵיינְד, וָוארִין זֵייא
זֶענֶען פִיל, אוּנְד מִיט אַ רוֹיבֶּערִישֶׁע
פֵיינְדְשַׁאפְט הָאבֶּען זֵייא מִיךְ פֵיינְד:
20 הִיט מֵיין לֵייבּ אוּנְד זֵייא מִיךְ
מַצִיל, לָאז מִיךְ נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט
װֶערֶען, וָוארִין אִיךְ בֶּעשִׁיץ מִיךְ אִין דִיר:
21 גַאנְצְקֵייט אוּנְד רֶעכְטְפֶערְטִיגְקֵייט
װֶעלֶען מִיךְ דֶערְהַאלְטֶען, וָוארִין אִיךְ
הָאף צוּ דִיר:

22 אָ גָאט, דֶערלֵייז יִשְׂרָאֵל פוּן אַלֶע
זַיינֶע צָרוֹת:

תהלים כו

1 פוּן דָוִד—אָ גָאט רִיכְטֶע מִיךְ!
וָוארִין אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען אִין מֵיינֶע
גַאנְצְקֵייט, אוּנְד אִין גָאט הָאבּ אִיךְ
מִיךְ פֶערְזִיכֶערְט, אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט
אויסגְלִיטְשֶׁען:
2 פְּרוּף מִיךְ אָ גָאט, לֵייטֶערֶע מֵיינֶע
נִירֶען, אוּנְד מֵיין הַארְץ:
3 וָוארִין דֵיינֶע חֲסָדִים זֶענֶען פַאר
מֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד אִיךְ בִּין אַרוּמְגֶע־
גַאנְגֶען אִין דֵיינֶע וָוארְהֵייט:
4 אִיךְ בִּין נִיט גֶעזֶעסֶען מִיט פַאלְשֶׁע
מֶענְשֶׁען, אוּנְד צוּ דִיא וָואס טְהוּן זִיךְ
פֶערְבָּארְגֶען וֶועל אִיךְ נִיט אַרֵיינְקוּמֶען:
5 אִיךְ הָאבּ פֵיינְד דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג
פוּן שְׁלֶעכְטֶע, אוּנְד מִיט דִיא רְשָׁעִים
ווִיל אִיךְ נִיט זִיצֶען:
6 אִיךְ וֶועל וַואשֶׁען מֵיינֶע הֶענְד מִיט
אוּמְשׁוּלְדִיגְקֵייט, אוּנְד אוֹיף אַזַא אֵיין
אוֹפֶן וֶועל אִיךְ אַרוּמְרִינְגֶעלְן דֵיין
מִזְבֵּחַ, אָ גָאט:
7 אַז אִיךְ זָאל לָאזֶען הֶערֶען דָאס
קוֹל פוּן דַאנְק, אוּנְד צוּ דֶערְצֵיילֶען
אַלֶע דֵיינֶע וְואוּנְדֶער:
8 אָ גָאט, אִיךְ הָאבּ לִיבּ דִיא וְואוֹי־
נוּנְג פוּן דֵיין הוֹיז, אוּנְד דֶעם אָרְט
וְואוּ דֵיין כָּבוֹד וְואוֹינְט:
9 זַאמֶעל נִיט אֵיין מֵיינֶע נְשָׁמָה מִיט
דִיא זִינְדִיגֶע, אָדֶער מִיט בְּלוּטְשׁוּלְדִיגֶע
מֶענְשֶׁען מֵיין לֶעבֶּען:
10 וָואס הָאבֶּען אִין זֵייעֶרֶע הֶענְד
שְׁלֶעכְטֶעס, אוּנְד זֵייעֶר רֶעכְטֶע הַאנְד
אִיז פִיל מִיט שֹׁחַד:
11 אָבֶּער אִיךְ—אִיךְ וֶועל גֵיין אִין
מֵיינֶע גַאנְצְקֵייט, דֶערְלֵייז מִיךְ אוּנְד
לֵייטְזֶעלִיג מִיךְ:
12 מֵיין פוּס שְׁטֵייט אוֹיף דֶעם גְרַאדֶען
וֶועג, אִין דִיא פֶערְזַאמְלוּנְגֶען וֶועל אִיךְ
גָאט בֶּענְשֶׁען:

תהלים כז

1 פוּן דָוִד—יְהֹוָה אִיז מֵיין לִיכְט אוּנְד
מֵיינֶע הִילְף פַאר וֶועמֶען זָאל אִיךְ
מוֹרָא הָאבֶּען? יְהֹוָה אִיז דִיא שְׁטַארְקַ־
הֵייט פוּן מֵיין לֶעבֶּען פַאר וֶועמֶען זָאל
אִיךְ מוֹרָא הָאבֶּען?
2 וֶוען דִיא שְׁלֶעכְטֶע לֵייט מֵיינֶע
בֶּעלֵיידִיגֶערְס אוּנְד מֵיינֶע פֵיינְד גֶע־
נֶעהֶנְגֶען צוּ מִיר מֵיין פְלֵייש צוּ עֶסֶען—
אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט אוּנְד
זֶענֶען גֶעפַאלֶען:
3 וֶוען אַ מַחֲנֶה לַאגֶערְט קֶעגֶען מִיר,
אַזוֹי הָאט דָאךְ מֵיין הַארְץ קֵיין מוֹרָא,
אוּנְד וֶוען אַ מִלְחָמָה שְׁטֵייט קֶעגֶען
מִיר אוֹיף, אִין דֶעם ווִיל אִיךְ מִיךְ
פֶערְזִיכֶערְן:
4 אֵיין זַאךְ הָאבּ אִיךְ גֶעבֶּעטֶען פוּן
גָאט, אוּנְד דָאס וֶועל אִיךְ אוֹיךְ זוּכֶען,
אַז אִיךְ זָאל וְואוֹינֶען אִין דֶעם הוֹיז
פוּן גָאט אַלֶע מֵיינֶע לֶעבֶּענְסְטֶעג, אוּם
צוּ זֶעהֶען דִיא זִיסְקֵייט פוּן גָאט אוּנְד
נָאכְצוּפָארְשֶׁען אִין זֵיין טֶעמְפֶּעל:
5 וָוארִין עֶר וֶועט מִיךְ בֶּעהַאלְטֶען
אִין זֵיין בֵּיידֶעל (סוּכָּה) אִין דֶעם
שְׁלֶעכְטֶען טָאג, עֶר וֶועט מִיךְ בֶּע־
הַאלְטֶען אִין דֶעם פֶערְבָּארְגֶענֶעם אָרְט
פוּן זֵיין גֶעצֶעלְט, אוֹיף דֶעם פֶעלְזֶענ־
שְׁטֵיין הָאט עֶר מִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען:
6 אוּנְד אַצוּנְד וֶועט מֵיין קָאפּ זֵיין
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אִיבֶּער מֵיינֶע פֵיינְד וָואס
זֶענֶען רִינְגְס אַרוּם מִיר, דָארוּם וֶועל
אִיךְ מַקְרִיב זֵיין אִין זֵיין גֶעצֶעלְט אַ
קָרְבָּן פוּן שַׁאלוּנְג, אִיךְ וֶועל זִינְגֶען,

אוּנְד לויבֶּען גָאט מִיט אַ גֶעזַאנְג׃
7 אָ גָאט, הֶער מֵיין קול וָוען אִיךְ
רוּף, לֵייטְזֶעלִיג מִיךְ אוּנְד עֶנְטְפֶער
מִיר׃
8 וָוען דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט—זוּכְט
מֵיין פָּנִים, אַזוֹי הָאט מֵיין הַארְץ צוּ
דִיר גֶעזָאגְט—דֵיין פָּנִים, אָ גָאט, וָועל
אִיךְ זוּכֶען׃
9 פֶערְבָּארְג נִיט דֵיין פָּנִים פוּן מִיר,
דוּא זָאלְסְט נִיט דֵיין קְנֶעכְט פוּן דִיר
אָפְּנֵייגֶען אִין דֶעם צָארְן, דוּא בִּיזְט
גֶעוֶועזֶען מֵיינֶע הִילְף, דוּא זָאלְסְט מִיךְ
נִיט פֶערשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד נִיט פֶערְלָאזֶען
דוּא גָאט פוּן מֵיינֶע הִילְף׃
10 וָוען מֵיין פָאטֶער אוּנְד מֵיינֶע
מוּטֶער פֶערְלָאזֶען מִיךְ, אַזוֹי וֶועט מִיךְ
גָאט אוֹיפְנֶעמֶען׃
11 לֶעהְר מִיךְ דֵיין וֶועג, אָ גָאט,
אוּנְד פִיהְר מִיךְ אִין אַ גְרַאדֶען וֶועג,
פוּן וֶועגֶען מֵיינֶע פֵיינְד׃
12 דוּא זָאלְסְט מִיךְ נִיט אִיבֶּערְ־
עֶנְטְפֶערְן צוּ דֶעם ווִילֶען פוּן מֵיינֶע
בֶּעלֵיידִיגֶער, וָוארִין עֶס זֶענֶען קֶעגֶען
מִיר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פַאלְשֶׁע עֵדוּת,
אוּנְד זָאלְכֶע וָואס רֶעדֶען רוֹיבֶּערִישֶׁע
זַאכֶען׃
13 (אִיךְ הֶעט פֶערְצָאגְט) וָוען אִיךְ
הֶעט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט צוּ זֶעהֶען דִיא
גוּטְקֵייט פוּן גָאט אִין דֶעם לַאנְד פוּן
דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע׃
14 הָאף צוּ גָאט! שְׁטַארְק דִיךְ, אוּנְד
עֶר וֶועט שְׁטַארְקֶען דֵיין הַארְץ, (אִיךְ
זָאג) הָאף צוּ גָאט׃

תהלים כח

1 פוּן דָוִד—אָ גָאט, אִיךְ רוּף צוּ דִיר!
דוּא בִּיזְט מֵיין פֶעלְז, דוּא זָאלְסְט נִיט
צוּ מִיר שְׁוַוייגֶען, טָאמֶער וָוען דוּא
וֶועסְט שְׁוַוייגֶען אַזוֹי וֶועל אִיךְ זֵיין
גֶעגְלִיכֶען צוּ דִיא וָואס נִידֶערְן אַרוּפ
אִין דֶער גְרוּב׃
2 הֶער דָאךְ צוּ דָאס קוֹל פוּן מֵיין
גֶעבֶּעט, אוּנְד מֵיין שְׁרֵייעֶן צוּ דִיר וָוען
אִיךְ הֵייבּ אוֹיף מֵיינֶע הַאנְד צוּ דֵיין
הֵיילִיגֶען פַּאלַאסְט׃
3 דוּא זָאלְסְט מִיךְ נִיט אַוֶועקְצִיהֶען
מִיט דִיא רְשָׁעִים אוּנְד מִיט דִיא וָואס
טְהוּן אוּמְרֶעכְט, וָואס רֶעדֶען שָׁלוֹם
מִיט זֵיירֶע חֲבֵרִים, אָבֶּער זֵייא טְרַאכְ־
טֶען שְׁלֶעכְטֶעס אִין זֵייעֶר הַארְץ׃
4 גֶעבּ צוּ זֵייא אַזוֹי וִויא זֵייעֶר וֶוערְק
אִיז, נָאךְ דִיא וֶוערְק פוּן זֵיירֶע הֶענְד
גֶעבּ צוּ זֵייא, קֶער אוּם צוּ זֵייא זֵייעֶר
בֶּעצָאהְלוּנְג׃
5 וָוארִין זֵייא ווִילֶען נִיט פֶערשְׁטֵיין
דִיא וֶוערְק פוּן גָאט, אוּנְד צוּ דִיא
מַעֲשִׂים פוּן זֵיינֶע הֶענְד, עֶר וֶועט זֵייא
צוּבְּרֶעכֶען, אוּנְד עֶר וֶועט זֵייא נִיט
אוֹיפְבּוֹיעֶן׃
6 גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאט ווֵייל עֶר הָאט
גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן מֵיין גֶעבֶּעט׃
7 גָאט אִיז מֵיינֶע שְׁטַארְקֵייט אוּנְד
מֵיין פַאנְצֶער, וָוארִין אִין אִיהְם פֶער־
טְרוֹיעֶט מֵיין הַארְץ אוּנְד אִיךְ בִּין
גֶעהָאלְפֶען, דַארִיבֶּער פְרֵייט זִיךְ מֵיין
הַארְץ, אוּנְד מִיט מֵיין גֶעזַאנְג וֶועל
אִיךְ אִיהְם לוֹיבֶּען׃
8 גָאט אִיז זֵייעֶר שְׁטַארְקֵייט, אוּנְד
עֶר אִיז דִיא שְׁטַארְקֵייט פוּן הִילְף,
עֶר אִיז זֵיין גֶעזַאלְבְּטֶער׃
9 הֶעלְף דֵיין פָאלְק, אוּנְד בֶּענְשׁ
דֵיין נַחֲלָה, אוּנְד ווֵיידֶע זֵייא אוּנְד
דֶערְהֵייבּ זֵייא בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג׃

תהלים כט

1 אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד—גֶעט צוּ גָאט,

אוי אִיהְר שְׁטַארְקֶע ! גֶעט צוּ גָאט
כָּבוֹד אוּנְד שְׁטַארְקְהֵייט :
2 גֶעט צוּ גָאט דֶעם כָּבוֹד פוּן זַיין
נָאמֶען, בִּיקְט אֵייךְ צוּ גָאט אִין זַיינֶע
שֵׁיינֶע הֵיילִיגְקֵייט :
3 דָאס קוֹל פוּן גָאט אִיז אוֹיף דִיא
וַואסֶערְן, דֶער גָאט פוּן כָּבוֹד הָאט
גֶעשְׁטוּרְמְט, גָאט אִיז אִיבֶּער פִילֶע
וַואסֶערְן :
4 דָאס קוֹל פוּן גָאט אִיז מִיט כּוֹחַ,
דָאס קוֹל פוּן גָאט אִיז אִין שֵׁיינְהֵייט :
5 דָאס קוֹל פוּן גָאט צוּבְּרֶעכְט דִיא
טֶענֶענְבֵּיימֶער ; גָאט הָאט צוּבְּרָאכֶען
דִיא טֶענֶענְבֵּיימֶער פוּן דֶעם (בַּארְג)
לְבָנוֹן :
6 עֶר הָאט זֵייא גֶעמַאכְט שְׁפְּרִינְגֶען
וִויא אַ קַאלְבּ, לְבָנוֹן אוּנְד שִׂרְיוֹן (הָאט
עֶר גֶעמַאכְט שְׁפְּרִינְגֶען) אַזוֹי וִויא אַ
יוּנְגֶעס וַוייזֶעלְטִיר :
7 דָאס קוֹל פוּן גָאט הָאט אוֹיסְ־
גֶעהַאקְט פְלַאמֶען פֵייעֶר :
8 דָאס קוֹל פוּן גָאט הָאט גֶעמַאכְט
צִיטֶערְן דִיא מִדְבָּר, גָאט הָאט גֶעמַאכְט
צִיטֶערְן דִיא מִדְבַּר קָדֵשׁ :
9 דָאס קוֹל פוּן גָאט מַאכְט צִיטֶערְן
דִיא הִינְדֶען, אוּנְד עֶר צִיהְט אָפּ דִיא
בְּלֶעטֶער פוּן דִיא וַואלְד־בֵּיימֶער, אוּנְד
אִין זַיין טֶעמְפֶּעל גֶעבֶּען אִיהְם אַלֶע
כָּבוֹד :
10 גָאט אִיז גֶעזֶעסֶען אִיבֶּער דֶעם
מַבּוּל ; גָאט וֶועט זִיצֶען אַלְס מֶלֶךְ
אוֹיף אֵייבִּיג :
11 גָאט וֶועט גֶעבֶּען שְׁטַארְקְהֵייט צוּ
זַיין פָאלְק, גָאט וֶועט בֶּענְשֶׁען זַיין
פָאלְק מִיט שָׁלוֹם :

## תהלים ל

1 אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד, אוּנְד אַ לִיד וֶוען
מֶען וֶועט מְחַנֵךְ זַיין דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ :
2 אִיךְ וֶועל דִיךְ דֶערְהֵייבֶּען, אָ
יְהֹוָה, וָוארִין דוּא הָאסְט מִיךְ דֶערְ־
הוֹיבֶּען, אוּנְד דוּא הָאסְט נִיט צוּגֶעלָאזְט
אַז מֵיינֶע פֵיינְד זָאלֶען זִיךְ אִיבֶּער מִיר
פְרֵייעֶן :
3 אָ יְהֹוָה מֵיין גָאט, אִיךְ הָאבּ צוּ
דִיר גֶעשְׁרִיגֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ
גֶעהֵיילְט :
4 אָ יְהֹוָה, דוּא הָאסְט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט
מֵיינֶע זֶעלֶע פוּן דֶעם שְׁאוֹל, דוּא
הָאסְט מִיךְ דֶערְהַאלְטֶען בֵּייא דֶעם
לֶעבֶּען אַז אִיךְ זָאל נִיט אַרוּפְגִידֶערְן
אִין דִיא גְרוּבּ :
5 זִינְגְט צוּ גָאט, אִיהְר זַיינֶע חֲסִידִים,
אוּנְד לוֹיבְּט דָאס גֶעדֶעכְטְנִיס פוּן זַיינֶע
הֵיילִיגְקֵייט
6 וָוארִין נוּר אֵיין אוֹיגֶענְבְּלִיק אִיז עֶר
צָארְנִיג, אִין זַיין וְואוֹילְגֶעפַאלֶען אִיז
לֶעבֶּען, דָאס גֶעוֵויין דוֹיעֶרְט נוּר אִיבֶּער
אַ נַאכְט, אָבֶּער אִין דֶער פְרִיה אִיז אַ
גֶעזַאנְג :
7 אָבֶּער וֶוען אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען בְּשַׁלְוָה
הָאבּ אִיךְ מִיר גֶעטְרַאכְט אַז אִיךְ וֶועל
מִיךְ נִיט אוֹיסגְלִיטְשֶׁען אוֹיף אֵייבִּיג :
8 אָ יְהֹוָה, אִין דַיין וְואוֹילְגֶעפַאלֶען
הָאסְט דוּא גֶעמַאכְט אַז מֵיין בַּארְג
זָאל בֶּעשְׁטֵיין מִיט שְׁטַארְקְהֵייט, וֶוען
דוּא הָאסְט בֶּעהַאלְטֶען דַיין פָּנִים אַזוֹי
בִּין אִיךְ דֶערשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען :
9 צוּ דִיר אָ יְהֹוָה רוּף אִיךְ, אוּנְד צוּ
דֶעם הַאר טְהוּא אִיךְ בֶּעטֶען :
10 וָואס פַאר אַ גֶעוִוין אִיז אִין מֵיין
בְּלוּט, וֶוען אִיךְ גֵייא אַרוּפּ צוּ דֶער
גְרוּבּ ? זָאל דִיךְ דֶער שְׁטוֹיבּ לוֹיבֶּען ?
אָדֶער קֶען עֶס דֶערְצֵיילֶען דַיין אֱמֶת :
11 דֶערְהֶער אָ יְהֹוָה, אוּנְד לֵייטְזֶעלִיג

מִיךְ! אָ יְהוָֹה, זַייא מַיין הֶעלְפֶער:

12 דוּא הָאסְט פֶערְקֶעהְרְט מַיין קְלָאגֶען צוּ אַ טַאנְץ; דוּא הָאסְט אָפְּגֶעטְהוּן מַיין זַאק, אוּנְד הָאסְט מִיךְ אָנְגֶעגַארְטֶעלְט מִיט פְרֵיידִיגְקֵייט:

13 פוּן וֶועגֶען אַז מַיין כָּבוֹד מֶעג צוּ דִיר לוֹיב זִינְגֶען, אוּנְד נִיט שְׁטִיל זַיין, אָ יְהוָֹה מַיין גָאט, אִיךְ וֶועל דִיךְ לוֹיבֶּען אוֹיף אֵייבִּיג:

## תהלים לא

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד:

2 אוֹיף דִיר אָ גָאט בֶּעשִׁיץ אִיךְ מִיךְ, לָאז מִיךְ נִיט פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען אֵייבִּיג, מַאךְ מִיךְ עֶנְטְרִינֶען דוּרְךְ דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט:

3 נֵייג דֵיינֶע אוֹירֶען צוּ מִיר, זַייא מִיךְ גִיךְ מַצִיל, זָאלְסְט מִיר זַיין צוּ אַיין שְׁטַארְקֶען פֶעלְז, אוּנְד צוּ אַיין פֶעסְטֶען הוֹיז, כְּדֵי מִיר צוּ הֶעלְפֶען:

4 וָוארִין דוּא בִּיזְט מַיין פֶעלְז אוּנְד מֵיינֶע פֶעסְטוּנְג, אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֵיין נָאמֶען זָאלְסְט דוּא מִיךְ לֵייטֶען אוּנְד פִיהְרֶען:

5 דוּא זָאלְסְט מִיךְ אַרוֹיסְצִיהֶען פוּן דֶעם נֶעץ, וָואס זַייא הָאבֶּען פַאר מִיר בֶּעהַאלְטֶען, וָוארִין דוּא בִּיזְט מֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט:

6 אִין דֵיינֶע הַאנְד בֶּעהַאלְט אִיךְ מַיין רוּחַ (גֵייסְט), דוּא הָאסְט מִיךְ אוֹיסְגֶעלֵייזְט אָ יְהוָֹה, דוּא אֱמֶת'ער (טְרֵייעֶר) גָאט:

7 אִיךְ הָאבּ פֵיינְט דִיא וָואס הָאפֶּען אוֹיף פַאלְשְׁהֵייט (וָואס זֶענֶען הֶבֶל), אָבֶּער אִיךְ פֶערְזִיכֶער מִיךְ אוֹיף יְהוָֹה:

8 אִיךְ פְרֵייא מִיךְ אוּנְד בִּין לוּסְטִיג מִיט דֵיין חֶסֶד דָאס דוּא הָאסְט מַיין עֶלֶענְד גֶעזֶעהֶען, דוּא הָאסְט דֶערְקֶענְט דִיא צָרוֹת פוּן מֵיינֶע זֶעעֶלֶע:

9 אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ נִיט אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם פֵיינְד, דוּא הָאסְט גֶעשְׁטֶעלְט מֵיינֶע פִיס אִין דֶער פֶערְבְּרֵייטוּנְג:

10 לֵייטְזֶעלִיג מִיךְ אָ הַאר, וָוארִין מִיר אִיז עֶנְג; מַיין גֶעשְׁטַאלְט אִיז פֶערְעֶלְטֶערְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ טְרוֹיעֶרֶען, אוֹיךְ מַיין נֶפֶשׁ אוּנְד מַיין לֵייבּ:

11 וָוארִין מַיין לֶעבֶּען הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט דוּרְךְ טְרוֹיעֶר, אוּנְד מֵיינֶע יָאהְרֶען דוּרְךְ זִיפְצֶען, מַיין כֹּחַ אִיז גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט דוּרְךְ מֵיינֶע זִינְד, אוּנְד מֵיינֶע בֵּיינֶער זֶענֶען פֶערְשְׁמַאכְט:

12 פוּן אַלֶע מֵיינֶע בֶּעלֵיידִיגֶער בִּין אִיךְ גֶעוָוארֶען וֶועהְר צוּ שַׁאנְד צוּ מֵיינֶע שְׁכֵנִים, אוּנְד אַיין שְׁרֶעק צוּ מֵיינֶע בֶּעקַאנְטֶע (פְרֵיינְד), דִיא וָואס זֶעהֶען מִיךְ אוֹיף דֶער גַאס, פֶערְוָואגְלֶען זִיךְ (עֶנְטְלוֹיפֶען) פוּן מִיר:

13 אִיךְ בִּין פֶערְגֶעסֶען גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם הַארְץ וִויא אַיין טוֹיטֶער, אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא אַיין פֶערְלוֹירֶענֶע כֵּלִי:

14 וָוארִין אִיךְ הֶער דִיא רֵייד פוּן פִילֶע, עֶס אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ פוּן רִינְגְס אַרוּם, וֶוען זַייא פֶערְזַאמֶעלְן זִיךְ צוּזַאמֶען אַרוּם מִיר אוּנְד טְרַאכְטֶען מַיין נֶפֶשׁ בֵּייא מִיר צוּ נֶעמֶען:

15 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ מִיךְ פֶערְזִיכֶערְט אוֹיף דִיר, אָ יְהוָֹה, אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, דוּא בִּיזְט מַיין גָאט:

16 מֵיינֶע צֵייטֶען זֶענֶען אִין דֵיינֶער הַאנְד, זַייא מִיךְ מַצִיל פוּן דֶער הַאנְד פוּן מֵיינֶע פֵיינְד אוּנְד פוּן מֵיינֶע נָאכְיָאגֶער:

17 לָאז לֵייכְטֶען דֵיין פָּנִים אִיבֶּער

דֵיין קְנֶעכְט, הֶעלְף מִיר דוּרְךְ דֵיין חֶסֶד :

18 אָ יְהוָֹה, לָאז מִיךְ נִיט פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען, וָוארִין אִיךְ רוּף צוּ דִיר, דִיא רְשָׁעִים וֶועלֶען פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען, זֵייא וֶועלֶען שְׁטִיל שְׁוַויינֶען אִין גְרוּב :

19 עֶס זָאלֶען שְׁטוּם וֶוערֶען דִיא פַאלְשֶׁע לִיפֶּען (מֵיילֶער), דִיא וָואס רֶעדֶען אוֹיף דֶעם צַדִיק פְּרֶעךְ, מִיט גַאֲוָה אוּנְד שַׁאנְד :

20 וִויא גְרוֹיס אִיז דֵיינֶע גוּטְקֵייט, וָואס דוּא הָאסְט פֶערְבָּארְגֶען פַאר דִיא וָואס פָארְכְטֶען זִיךְ פַאר דִיר, וָואס בֶּעשִׁיצֶען זִיךְ אִין דִיר גֶעגֶען דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער :

21 דוּא פֶערְבָּארְגְסְט זֵייא אִין דִיא פֶערְבָּארְגֶענִים פוּן דֵיין אָנְגֶעזִיכְט פוּן דִיא שְׁטָאלְצֶע מֶענְשֶׁען, דוּא בֶּעהַאלְסְט זֵייא אִין דֶעם בֵּיידֶעל פַאר דִיא קְרִיגֶערִישֶׁע צוּנְגֶען :

22 גֶעלוֹיבְּט אִיז יְהוָֹה, וָוארִין עֶר הָאט מִיט מִיר אֵיין וְואוּנְדֶערְבַּארֶען חֶסֶד גֶעטְהוּן, אִין אֵיינֶע פֶעסְטֶע שְׁטָאט :

23 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט אִין מֵיינֶער אֵיילוּנְג, אִיךְ בִּין פֶערְשְׁנִיטֶען פוּן קֶעגֶען דֵיינֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער דוּא הָאסְט צוּגֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן מֵיין גֶעבֶּעט, וָוען אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶעשְׁרִיגֶען :

24 לִיבְּט דֶעם הַאר, אַלֶע זֵיינֶע חַסִידִים (פְּרוּמֶע), דִיא גְלוֹיבִּיגֶע הִיטֶעט דֶער הַאר, אוּנְד עֶר פֶערְמֶעהְרְט צוּ בֶּעצָאלֶען דֶעם וָואס טְהוּט מִיט גַאֲוָה (שְׁטָאלְץ) :

25 שְׁטַארְקְט אוּנְד פֶעסְטִיגְט אֵייעֶר הַארְץ, אַלֶע דִיא וָואס הָאפֶען אוֹיף דֶעם הַאר :

## תהלים לב

1 צוּ דָוִד אֵיינֶע אוּנְטֶערְוֵוייזוּנְג,—וְואוֹיל דֶעם, וָואס דִיא אִיבֶּערטְרֶעטוּנְג אִיז פֶערְגֶעבֶּען, אוּנְד דִיא זִינְד אִיז פֶערְדֶעקְט :

2 וְואוֹיל דֶעם מֶענְשֶׁען, וָואס דֶער הַאר רֶעכֶענְט אִיהְם נִיט דִיא זִינְד, אוּנְד אִין זֵיין גֵייסְט אִיז נִיט דָא קֵיין פַאלְשְׁקֵייט :

3 וָוארִין וֶוען אִיךְ וָואלְט גֶעשְׁוִויגֶען, אַזוֹי וָועגֶען מֵיינֶע בֵּיינֶער פֶערְפוֹילְט אִין מֵיין שְׁרֵייעֶן דֶעם גַאנְצֶען טָאג :

4 וָוארִין טָאג אוּנְד נַאכְט מַאכְסְט דוּא שְׁוֶוער אוֹיף מִיר דֵיינֶע הַאנְד, דָאס מֵיין זַאפְט אִיז פֶערְקֶעהְרְט גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא דִיא טְרִיקֶענְהֵייט אִים זוּמֶער, סֶלָה :

5 מֵיינֶע זִינְד מַאךְ אִיךְ דִיר בֶּעקַאנְט, אוּנְד מֵיינֶע שׁוּלְדֶען הָאבּ אִיךְ נִיט פֶערְדֶעקְט, אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט אִיךְ וֶועל זִיךְ מוֹדֶה זֵיין אוֹיף מֵיינֶע זִינְד צוּ דֶעם הַאר, אַזוֹי הָאסְט דוּא מִיר פֶערְגֶעבֶּען דִיא שׁוּלְדֶען פוּן מֵיינֶע זִינְד, סֶלָה :

6 פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען, וֶועט יֶעדֶער חָסִיד (פְּרוּמֶער) צוּ דִיר מִתְפַּלֵל זֵיין צוּ דֶער רֶעכְטֶער צֵייט, גֵייעֶרְט וֶוען גְרוֹיסֶע וַואסֶער פֶערפְלֵייצוּנְגֶען קוּמֶען, וֶועלֶען זֵייא צוּ אִיהְם נִיט גְרֵייכֶען :

7 דוּא בִּיזְט מֵיינֶע פֶערְבָּארְגֶענִים, דוּא וֶועסְט מִיךְ פוּן צָרוֹת הִיטֶען, מִיט גֶעזַאנְג וֶועסְט דוּא מִיךְ רֶעטֶען אוּנְד אַרוּמְרִינְגְלֶען, סֶלָה :

8 אִיךְ וֶועל דִיךְ קְלוּג מַאכֶען, אוּנְד וֶועל דִיר דֶעם וֶועג וֵוייזֶען וָואס דוּא זָאלְסְט גֵיין, מֵיין אוֹיג וֶועט דִיר אֵיין עֵצָה גֶעבֶּען :

9 איהר זאָלט ניט זיין וויא פֿערד
אונד מוילאייזעלן, וואס פֿערשטייען
ניט, מיט איין צוים אונד געבּיס
(קעלזע) מוז מען איהם דאס מויל
שליסען, כּדי ער זאָל ניט צו דיר
גענעהענען׃
10 דער רשע האָט פיל שמערצען
(ווייטאָגען), אָבער דער וואס פֿערזיכערט
זיך אויף דעם האר, איהם רינגעלט
דער חסד ארום׃
11 פֿרייט אייך מיט יהוה, אונד זייט
פֿריילוּך איהר צדיקים, אונד זינגט
אלע איהר רעכטפאַרטיגע הערצער׃

תהלים לג

1 זינגט איהר צדיקים, אין דעם
האר! לויבּגעזאַנג איז שיין צו דיא
אויפֿריכטיגע׃
2 דאַנקט דעם האר מיט איין האַרף,
זינגט צו איהם מיט איין פֿידעל פון
צעהן זייטען׃
3 זינגט צו איהם איין נייעס שיר!
שפּילט גוט מיט שאַלונג׃
4 וואָרין דאס וואָרט פון יהוה איז
רעכטפאַרטיג, אונד זיין גאַנצעס טהון
איז מיט טרייהייט׃
5 ער ליבּט גערעכטיגקייט אונד
משפּט, דיא ערד איז פול מיט דעם
חסד פון יהוה׃
6 דורך דעם וואָרט פון דעם האר,
זענען דיא הימעל געמאַכט געוואָרען,
אונד דורך דעם רוח פון זיין מויל
זייערע גאַנצע הערשאַרען׃
7 ער זאַמעלט איין דאס וואַסער פון
דעם ים וויא איין הויפען. ער לייגט
דיא אָפּגרונדען אין דיא אוצרות׃
8 עס זאָלען זיך פֿאַרכטען פאַר
יהוה דיא גאַנצע ערד, פאַר איהם
וועלען זיך אלע איינוואוינער פון דער
וועלט דערשרעקען׃
9 וואָרין ער האָט געזאָגט, אזוי איז
עס געוואָרען; ער האָט געבאָטען אזוי
איז עס בעשטאַנען׃
10 יהוה האָט צושטערט דיא עצה
פון דיא גוים (הײדען), ער האָט
פֿערוועהרט דיא מחשבות פון דיא
פֿעלקער׃
11 דיא עצה פון יהוה, וועט אויף
אייביג בלייבען, דיא מחשבות פון זיין
הארץ (וועט בלייבען) פון דור צו
דור׃
12 וואויל איז דעם פֿאָלק וואס יהוה
איז זיין גאָט, דאס פֿאָלק וועלכעס ער
האָט זיך אויסערוועהלט צו זיין נחלה
(ערבטהייל)׃
13 דער האר קוקט אַרופּ פון דעם
הימעל, ער זעהט אלע מענשען־קינ־
דער׃
14 פון זיין אָנגעבּרייטעטער זיצונג געט
ער אכטונג אויף אלע איינוואוינער פון
דער ערד׃
15 ער וואס בּילדעט זייערע הערצער
צוזאַמען, דער פֿערשטייט אלע זייערע
מעשים׃
16 איין קעניג קען ניט געהאָלפען
ווערען דורך איין גרויסען חיל, איין
גבּור קען ניט ניצול ווערען דורך
גרויסען כּוח׃
17 דאס פֿערד איז פֿאַלש צור הילף,
אונד מיט זיין גרויסער קראַפט קען
ער ניט מאַכען ענטרינגען׃
18 זעה, דאס אויג פון יהוה איז
איבּער דיא וואס פֿאַרכטען זיך פֿאַר
איהם, (אונד) איבּער דיא וואס האָפֿען
אויף זיין חסד׃

19 כְּדֵי מַצִיל צוּ זַיין זַייעֶר נֶפֶשׁ פוּן
טויט, אוּנְד זַייא צוּ דֶערְנֶעהְרֶען אִים
הוּנְגֶער:
20 אוּנְזֶער נֶפֶשׁ הָאפְּט צוּ דֶעם הַאר
(יְהוָֹה), עֶר אִיז אוּנְזֶערֶע הִילְף אוּנְד
אוּנְזֶער בֶּעשִׁיצֶער:
21 וָוארִין אִין אִיהְם פְרֵייעֶט זִיךְ
אוּנְזֶער הַארְץ, וָוארִין אויף זַיין הֵיילִיגֶען
נָאמֶען הָאבֶּען מִיר זִיךְ פֶערְזִיכֶערְט:
22 לָאז דָאךְ דַיין חֶסֶד זַיין אִיבֶּער
אוּנְס, אָ יְהוָֹה, אַזוֹי ווִיא מִיר הָאפֶען
צוּ דִיר:

## תהלים לד

1 פוּן דָוִד—וָוען עֶר הָאט פֶערְעֶנְדֶערְט
זַיין פֶערְשְׁטַאנְד פַאר אֲבִימֶלֶךְ, וָוען עֶר
הָאט אִיהְם אַוֶועק גֶעטְרִיבֶּען אוּנְד עֶר
אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען:—
2 אִיךְ וֶועל דֶעם הַאר לויבֶּען אִין
אַלֶע צֵייטֶען, תָּמִיד וֶועט זַיין לויב זַיין
אִין מֵיין מויל:
3 אִין יְהוָֹה זָאל זִיךְ רִיהְמֶען מֵיין
נֶפֶשׁ, דִיא עֶלֶענְדֶע וֶועלֶען עֶס הֶערֶען
אוּנְד וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן:
4 מַאכְט גְרויס דֶעם הַאר מִיט מִיר,
אוּנְד לָאזֶען מִיר צוּזַאמֶען זַיין נָאמֶען
דֶערְהֵייבֶען:
5 אִיךְ הָאבּ גֶעפָארְשְׁט דֶעם הַאר
(יְהוָֹה) אוּנְד עֶר הָאט מִיר גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּנְד פוּן אַלֶע מֵיינֶע שְׁרֶעקֶען הָאט
עֶר מִיךְ מַצִיל גֶעוֶועזֶען:
6 זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם אַרויפְגֶעקוּקְט,
אוּנְד זֶענֶען בֶּעלֵייכְטֶעט גֶעוָוארֶען,
אוּנְד זַיירֶע אָנְגֶעזִיכְטֶער זֶענֶען נִיט
פֶערְשֶׁעמְט גֶעוָוארֶען:
7 דֶער דָאזִיגֶער אָרִימֶער הָאט גֶע־
רוּפֶען, אוּנְד יְהוָֹה הָאט עֶס גֶעהֶערְט,
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעהָאלְפֶען פוּן
אַלֶע זַיינֶע צָרוֹת:
8 דֶער מַלְאָךְ פוּן יְהוָֹה לַאגֶערְט זִיךְ
אַרוּם דִיא וָואס פָארְכְטֶען זִיךְ פַאר
אִיהְם, אוּנְד עֶר בֶּעפְרֵייט זַייא:
9 פֶערְזוּכְט עֶס אוּנְד זֶעהְט דָאס יְהוָֹה
אִיז גוּט, וְואוויל אִיז דֶעם מֶענְשֶׁען
וָועלְכֶער בֶּעשִׁיצְט זִיךְ אִין אִיהְם:
10 הָאט מוֹרָא פַאר דֶעם הַאר, אִיהְר
זַיינֶע הֵיילִיגֶע, וָוארִין דִיא וָואס פָארְכְ־
טֶען זִיךְ פַאר אִיהְם, וֶועט גָאר נִיט
פֶעהְלֶען:
11 יוּנְגֶע לֵייבֶּען וֶוערֶען מָאגֶער אוּנְד
הוּנְגֶערְן, אָבֶּער דִיא וָואס פָארְשְׁטֶען
דֶעם הַאר, וֶועט קֵיין גוּטֶעס פֶעהְלֶען:
12 קוּמְט אַהֶער קִינְדֶער, הֶערְט מִיךְ
צוּ, אִיךְ וֶועל אֵייךְ דִיא מוֹרָא פַאר
יְהוָֹה לֶערְנֶען:
13 וֶוער אִיז דֶער מֶענְשׁ וָועלְכֶער
בֶּעגֶעהְרְט לֶעבֶען, (וֶוער) לִיבְּט גוּטֶע
טֶעג צוּ זֶעהֶען?
14 בֶּעהִיט דֵיינֶע צוּנְג פוּן שְׁלֶעכְטֶעס,
אוּנְד דֵיינֶע לֶעפְּצֶען דָאס זַייא זָאלֶען
נִיט פַאלְשְׁקֵייט רֶעדֶען:
15 קֶעהְר אָפּ פוּן שְׁלֶעכְטֶעס, אוּנְד
טְהוּא גוּטֶעס, זוּךְ שָׁלוֹם אוּנְד יָאג
אִיהְם נָאךְ:
16 דִיא אויגֶען פוּן יְהוָֹה זֶענֶען (גֶע־
וֶוענְדֶעט) צוּ דִיא צַדִיקִים, אוּנְד זֵיינֶע
אוירֶען צוּ זֵייעֶר גֶעשְׁרֵייא:
17 דָאס פָּנִים פוּן דֶעם הַאר, אִיז
קֶעגֶען דִיא וָואס טְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס,
זֵייעֶר גֶעדֶעכֶענִיס פוּן דֶער עֶרְד צוּ
פֶערְשְׁנֵיידֶען:
18 זַייא (דִיא צַדִיקִים) הָאבֶּען גֶע־
שְׁרִיגֶען, אוּנְד יְהוָֹה הָאט עֶס גֶעהֶערְט,
אוּנְד הָאט זַייא מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן
אַלֶע זַייעֶרֶע צָרוֹת:

19 יְהוָֹה אִיז נָאהֶענְט צוּ דִיא צוּ־
בְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער, אוּנְד עֶר הֶעלְפְט
דִיא וָואס הָאבֶּען אַיין צוּשְׁטוּיסֶענֶעם
גֶעמִיטְה׃
20 דֶער צַדִּיק הָאט פִיל שְׁלֶעכְטֶעס,
אָבֶּער פוּן אַלֶע אִיז אִיהְם דֶער הַאר
מַצִּיל׃
21 עֶר בֶּעהִיט אַלֶע זַיינֶע בֵּיינֶער,
אֵיינֶע פוּן זַייא וֶוערְט נִיט צוּבְּרָאכֶען׃
22 דָאס שְׁלֶעכְטֶע טֵייטֶעט דֶעם רָשָׁע,
אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען דֶעם צַדִּיק
פֵיינְד וֶועלֶען פֶערְשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען׃
23 דֶער הַאר (יְהוָֹה) לֵייזְט אוֹיס דָאס
נֶפֶשׁ פוּן זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד אַלֶע
וֶועלְכֶע בֶּעשִׁיצֶען זִיךְ אִין אִיהְם וֶועלֶען
נִיט פֶערְשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען׃

## תהלים לה

1 פוּן דָוִד,—קְרִיג אָ יְהוָֹה, מִיט מֵיינֶע
קְרִיגֶער, הַאלְט מִלְחָמָה מִיט דִיא וָואס
הַאלְטֶען מִיט מִיר מִלְחָמָה׃
2 גְרֵייף אָן דָאס שִׁילְד אוּנְד דֶעם
פַּאנְצֶער, אוּנְד שְׁטֵייא אוֹיף צוּ מֵיינֶע
הִילְף׃
3 אוּנְד צִיהֶע אַרוֹיס דֶעם שְׁפִּיז אוּנְד
פֶערשְׁלִיס דֶעם (וֶועג) קֶעגֶען מֵיינֶע
נָאכְיָאגֶער; זָאג צוּ מֵיין נֶפֶשׁ, אִיךְ
בִּין דֵיינֶע הִילְף׃
4 עֶס וֶועלֶען פֶערְשֶׁעמְט אוּנְד פֶערְ־
לֶענְט וֶוערֶען, דִיא וָואס זוּכֶען מֵיין
נֶפֶשׁ; דִיא וָואס טְרַאכְטֶען מֵיין שְׁלֶעכְ־
טֶעס, וֶועלֶען זִיךְ אָפְּקֶעהְרֶען אַהִינְטֶער,
אוּנְד וֶועלֶען פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען׃
5 לָאזֶען זַייא זַיין וִויא שְׁפְּרֵייא פַאר
דֶעם וִוינְד, אוּנְד דֶער מַלְאָךְ פוּן יְהוָֹה
זָאל זַייא פֶערשְׁטוֹיסֶען׃
6 זַייעֶר וֶועג זָאל פִינְסְטֶער אוּנְד
גְלִיטְשִׁיג זַיין, אוּנְד אַיין מַלְאָךְ פוּן
דֶעם הַאר (יְהוָֹה) זָאל זַייא נָאכְיָאגֶען׃
7 וָוארִין אוּמְזִיסְט הָאבֶּען זַייא פַאר
מִיר זַייעֶר פֶערְדָארְבְּלִיכֶעס נֶעטְץ
פֶערְבָּארְגֶען, אוּמְזִיסְט הָאבֶּען זַייא
פַאר מֵיין נֶפֶשׁ אַיין גְרוּבּ גֶעגְרָאבֶּען׃
8 אֵיינֶע פֶערְוִויסְטוּנְג זָאל אִיבֶּער
אִיהְם גֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען, פוּן וֶועלְכֶע
עֶר ווייס נִיט, אוּנְד אִין זַיין נֶעטְץ
וֶועלְכֶעס עֶר הָאט פֶערְבָּארְגֶען, זָאל
עֶר בֶּעצְוִואוּנְגֶען וֶוערֶען, אִין פֶערְ־
וִויסְטוּנְג זָאל עֶר אִין אִיהְר אַרַיין
פַאלֶען׃
9 אוּנְד מֵיין נֶפֶשׁ וֶועט פְרֵייליךְ זַיין
אִין דֶעם הַאר, זִיא וֶועט זִיךְ פְרֵייעֶן
אִין זַיינֶע הִילְף׃
10 אַלֶע מֵיינֶע בֵּיינֶער וֶועלֶען זָאגֶען,
אָ יְהוָֹה, וֶוער אִיז צוּ דִיר גְלֵייךְ,
וֶועלְכֶער אִיז מַצִּיל דֶעם אָרִימֶען פוּן
דֶעם וָואס אִיז שְׁטַארְקֶער פוּן אִיהְם,
אוּנְד דֶעם עֶלֶענְדֶען אוּנְד בֶּעדֶערְפְ־
טִיגֶען פוּן זַיין רֵייבֶּער (גַזְלָן)׃
11 עֶס זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען גֶעוַואלְ־
טִיגֶע עֵדוּת, דָאס וָואס אִיךְ ווייס נִיט,
פְרֶעגֶען זַייא מִיךְ׃
12 זַייא בֶּעצָאלֶען מִיר מִיט שְׁלֶעכְטֶעס
פַאר גוּטֶעס, כְּדֵי מֵיין נֶפֶשׁ צוּ בֶּער־
טְרִיבֶּען׃
13 אָבֶּער אִיךְ, אַלְס זַייא זֶענֶען
קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען, הָאבּ אִיךְ אַיין זַאק
אָנְגֶעקְלֵייט, אִיךְ הָאבּ מֵיין נֶפֶשׁ גֶע־
פֵּיינִיגְט מִיט פַאסְטֶען, אוּנְד מֵיין גֶעבֶּעט
אִיז אִין מֵיין שׁוֹיס צוּרִיק גֶעקֶעהְרְט׃
14 אִיךְ בִּין אַרוּמְגֶענַאנְגֶען, אַזוֹי וִויא
עֶר וָואלְט גֶעוֶועזֶען אַיין פְרֵיינְד, אָדֶער
אַיין בְּרוּדֶער, וִויא אֵיינֶער טְרוֹיעֶרְט
אִיבֶּער זַיינֶע מוּטֶער, בִּין אִיךְ גֶעוֶועזֶען
פֶערְשְׁוַוארְצְט אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען׃

15 אָבֶער בַּייא מֵיין הִינְקֶען הָאבֶּען
זֵייא זִיךְ גֶעפְרֵייט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט—עֶס הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער
מִיר פֶערְזַאמֶעלְט בֶּעטְרִיגֶער, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ עֶס נִיט גֶעוְואוּסְט, זֵייא
הָאבֶּען מִיךְ גֶערִיסֶען אוּנְד הָאבֶּען נִיט
שְׁטִיל גֶעשְׁוִויגֶען:
16 דוּרְךְ חֲנִיפָה אוּנְד שְׁפָּאטוּנְג, הָאבֶּען
זֵייא גֶעקְרִיצְט אוֹיף מִיר מִיט זֵיירֶע
צֵיין:
17 אָ הַאר, וִויא לַאנְג וֶועסְט דוּא עֶס
צוּ זֶעהֶען? קֶעהְר צוּרִיק מֵיין נֶפֶשׁ
פוּן זֵיירֶע פֶערְוִויסְטוּנְגֶען, פוּן דִיא
יוּנְגֶע לֵייבֶּען מֵיין אֵיינְצִיגֶע:
18 אִיךְ וֶועל דִיר דַאנְקֶען אוּנְטֶער
גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְגֶען, אוּנְטֶער אֵיין
שְׁטַארְקֶען פָאלְק וֶועל אִיךְ דִיךְ לוֹיבֶּען:
19 לָאזֶען זִיךְ דָאךְ נִיט אִיבֶּער מִיר
פְרֵייעֶן דִיא פַאלְשֶׁע פֵיינְד, מֵיינֶע
אוּמְזִיסְטֶע פֵיינְד ווִינְקֶען מִיט דִיא
אוֹיגֶען:
20 וָוארִין זֵייא רֶעדֶען נִיט פוּן שָׁלוֹם,
(נֵייעֶרְט) קֶעגֶען דִיא רוּהִיגֶע פוּן דֶעם
לַאנְד, טְרַאכְטֶען זֵייא אוֹיס פַאלְשֶׁע
זַאכֶען:
21 זֵייא בְּרֵייטֶען אוֹיס קֶעגֶען מִיר
זֵייעֶר מוֹיל, זֵייא זָאגֶען אַהַא, אַהַא,
אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען:
22 אָבֶער דוּא הַאר (יְהֹוָה) הָאסְט
עֶס גֶעזֶעהֶען, זָאלְסְט דָאךְ נִיט שְׁווֵייגֶען,
אָ הַאר, דֶערְוֵוייטֶער דִיךְ נִיט פוּן
מִיר:
23 דֶערְוֶועק דִיךְ, אוּנְד וַואךְ דִיךְ
אוֹיף צוּ מֵיין מִשְׁפָּט, מֵיין גַאט, אוּנְד
מֵיין הַאר:
24 מִשְׁפָּט מִיךְ נָאךְ דֵיינֶע גֶערֶעכְ־
טִיגְקֵייט, אָ יְהֹוָה, מֵיין גָאט, אוּנְד
לָאזֶען זֵייא זִיךְ נִיט אִיבֶּער מִיר
פְרֵייעֶן:
25 לָאזֶען זֵייא נִיט זָאגֶען אִין זֵיירֶע
הֶערְצֶער, אַהַא, (דָאס אִיז) אוּנְזֶער
ווִילֶען, לָאזֶען זֵייא נִיט זָאגֶען מִיר
הָאבֶּען אִיהְם אֵיינְגֶעשְׁלוּנְגֶען:
26 זֵייא וֶועלֶען זִיךְ שֶׁעמֶען, אוּנְד
צוּזַאמֶען צוּ שַׁאנְדֶען וֶוערֶען, דִיא וָואס
פְרֵייעֶן זִיךְ אִיבֶּער מֵיין אוּמְגְלִיק, זֵייא
וֶועלֶען זִיךְ אָנְקְלֵיידֶען אִין שְׁמַאךְ אוּנְד
שַׁאנְד, דִיא וַואס מַאכֶען זִיךְ אִיבֶּער
מִיר גְרוֹיס:
27 עֶס וֶועלֶען זִינְגֶען אוּנְד זִיךְ
פְרֵייעֶן, דִיא וָואס בֶּעגֶעהְרֶען מֵיינֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד וֶועלֶען שְׁטֶענְדִיג
זָאגֶען, לָאז יְהֹוָה גְרוֹיס זֵיין, וֶועלְכֶער
בֶּעגֶעהְרְט דֶעם שָׁלוֹם פוּן זֵיין קְנֶעכְט:
28 אוּנְד מֵיינֶע צוּנְג וֶועט פוּן דֵיינֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט רֶעדֶען, אוּנְד פוּן דֵיין
לוֹיב—דֶעם גַאנְצֶען טָאג:

## תהלים לו

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד
דֶער קְנֶעכְט פוּן יְהֹוָה
2 דִיא זִינְד רֶעט צוּ דֶעם רָשָׁע אִין
מֵיין הַארְץ, עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין
פָארְכְט פַאר גָאט פַאר זֵיינֶע אוֹיגֶען:
3 וָוארִין עֶר שְׁמֵייכֶעלְט זִיךְ אַלֵיין
אִין זֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּם צוּ גֶעפִינֶען זֵיין
אוּמְרֶעכְט אוּנְד עֶס פֵיינְד צוּ הָאבֶּען:
4 דִיא וֶוערְטֶער פוּן זֵיין מוֹיל זֶענֶען
אוּמְרֶעכְט אוּנְד פַאלְשְׁקֵייט, עֶר הָאט
פֶערְמִיטֶען קְלוּג צוּ זֵיין אוּנְד גוּטֶעס
צוּ טְהוּן:
5 אוֹיף זֵיין גֶעלֶעגֶער טְרַאכְט עֶר
אוּמְרֶעכְט, עֶר שְׁטֶעלְט זִיךְ נִיט אוֹיף
קֵיין גוּטֶען וֶועג, עֶר פֶערְמִיאוּסְט נִיט
דָאס שְׁלֶעכְטֶע:


אָ יהוה

6 אָ יְהוָֹה אין דֶעם הימֶעל איז דֵיין
חֶסֶד, אוּנְד בִּיז צוּ דִיא וָואלְקֶענְס איז
דֵיינֶע טְרֵייהֵייט :
7 דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט זֶענֶען וִויא
דִיא בֶּערְג פוּן גָאט, דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים
זֶענֶען אַזוֹי וִויא דֶער גְרוֹיסֶער אָפְּגְרוּנְד,
מֶענְשֶׁען אוּנְד בְּהֵמוֹת הֶעלְפְסְט דוּא,
אָ יְהוָֹה :
8 וִויא טֵייעֶר איז דֵיין חֶסֶד, אָ גָאט !
אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער בֶּעשִׁיצֶען
זִיךְ אוּנְטֶער דֶעם שָׁאטֶען פוּן דֵיינֶע
פְּלִיגֶעלְן :
9 זֵייא וֶוערֶען גֶעזֶעטִיגְט פוּן דִיא
פֶעטְקֵייט פוּן דֵיין הוֹיז, אוּנְד פוּן דֶעם
טֵייךְ פוּן דֵיינֶע פֶערְגֶענִיגֶען מַאכְסְט
דוּא זֵייא טְרִינְקֶען :
10 וָוארִין בֵּייא דִיר איז דֶער קְוָואל
פוּן לֶעבֶּען ; אין דֵיין לִיכְט וֶועלֶען
מִיר דָאס לִיכְט זֶעהֶען :
11 צִיהֶע אוֹיס דֵיין חֶסֶד, צוּ דִיא
וֶועלְכֶע קֶענֶען דִיךְ, אוּנְד דֵיינֶע גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט, צוּ דִיא רֶעכְטפַארְטִיגֶע
הֶערְצֶער :
12 דוּא זָאלְסְט דָאךְ מִיךְ נִיט בְּרֶענְגֶען
אוּנְטֶער דֶעם פוּס פוּן דֶעם בַעל־גַאֲוָה,
אוּנְד דִיא הַאנְד פוּן דִיא רְשָׁעִים זָאל
מִיךְ נִיט פֶערְוָואגֶעלְן (אַוֶועקְטְרֵייבֶּען) :
13 דָארְטֶען זֶענֶען גֶעפַאלֶען, דִיא וָואס
טְהוּן אוּמְרֶעכְט ! זֵייא זֶענֶען פֶערשְׁטוֹיסֶען,
אוּנְד הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט אוֹיפְשְׁטֵיין :

## תהלים לז

1 פוּן דָוִד, — דֶערְצָארְנֶען דִיךְ נִיט אִיבֶּער
דִיא שְׁלֶעכְטֶע, זֵייא נִיט מְקַנֵא דִיא
וֶועלְכֶע טְהוּן אוּמְרֶעכְט :
2 וָוארִין אַזוֹי וִויא דָאס גְרָאז
וֶועלֶען זֵייא שְׁנֶעל פֶערְוֶועלְקְט (פֶער־
וַויאֶלֶעט) וֶוערֶען, אוּנְד אַזוֹי וִויא דָאס
גְרִינֶע גְרָאז וֶועלֶען זֵייא פֶערְפוּילְט
וֶוערֶען :
3 פֶערטְרוֹיעֶ דִיךְ אוֹיף דֶעם הַאר
(יְהוָֹה), אוּנְד טְהוּא גוּטֶעס, בְּלֵייב אין
דֶעם לַאנְד, אוּנְד שְׁפֵּייז דִיךְ אין
טְרֵייהֵייט :
4 וֶוען דוּא וֶועסְט הָאבֶּען דֵיין
פֶערְגֶענִיגֶען אין יְהוָֹה, אַזוֹי וֶועט עֶר
דִיר גֶעבֶּען וָואס דֵיין הַארְץ פֶערְלַאנְגְט :
5 וֶועלְגֶער אוֹיף דֶעם הַאר דֵיין וֶועג,
אוּנְד פֶערְזִיכֶער דִיךְ אוֹיף אִיהְם, אוּנְד
עֶר וֶועט עֶס טְהוּן :
6 אוּנְד עֶר וֶועט דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען וִויא דָאס לִיכְט, אוּנְד
דֵיין מִשְׁפָּט וִויא דֶעם מִיטֶען טָאג :
7 זֵייא שְׁטִיל צוּ דֶעם הַאר (יְהוָֹה)
אוּנְד וַוארְט אוֹיף אִיהְם, דוּא זָאלְסְט
דִיךְ נִיט דֶערְצָארְנֶען אוֹיף דֶעם וָואס
זַיין וֶועג בֶּעגְלִיקְט, אוֹיף דֶעם מֶענְשׁ
וֶועלְכֶער טְהוּט שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען :
8 לָאז אָפּ פוּן צָארְן, אוּנְד פֶערְלָאז
דֶעם גְרִימְצָארְן, דוּא זָאלְסְט נִיט צָארְ־
נֶען, (עֶס פִיהְרְט) נָאר צוּ שְׁלֶעכְטְעס :
9 וָוארִין דִיא שְׁלֶעכְטֶע וֶועלֶען פֶער־
שְׁנִיטֶען וֶוערֶען, אָבֶּער דִיא וָואס הָאפֶען
אוֹיף דֶעם הַאר, זֵייא וֶועלֶען דָאס
לַאנְד יַרְשְׁנ'ן (עֶרְבֶּען) :
10 אוּנְד נָאךְ אֵין אַ קְלֵיינֶע ווַיילֶע,
אַזוֹי אִיז דֶער רָשָׁע נִיט מֶעהְר דָא,
אוּנְד דוּא וֶועסְט זַיין אָרְט בֶּעטְרַאכְטֶען —
אָבֶּער עֶר וֶועט נִיט מֶעהְר דָא זַיין :
11 אָבֶּער דִיא עֲלֶענְדֶע וֶועלֶען יַרְשְׁנ'ן
דָאס לַאנְד, אוּנְד וֶועלֶען זִיךְ פֶערְגֶענִיגֶען
מַאכֶען, וֶועגֶען דֶעם גְרוֹיסֶען שָׁלוֹם :
12 דֶער רָשָׁע טְרַאכְט שְׁלֶעכְטֶעס
וֶועגֶען דֶעם צַדִיק, אוּנְד קְרִיצְט זַיינֶע
צֵיין קֶעגֶען אִיהְם :

13 אָבֶּער דֶער הַאר לַאכְט פוּן אִיהְם, וָוארִין עֶר זֶעהְט דָאס זַיין טָאג קוּמְט אָן:

14 דִיא רְשָׁעִים הָאבֶּען אַיין שְׁוֶוערְד גֶעעֶפֶּענְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייעֶר בּויגֶען גֶעשְׁפַּאנְט, כְּדֵי דֶעם עֶלֶענְדֶען אוּנְד דֶעם נויטְבֶּעדֶערְפְטִיגֶען פַאלֶען צוּ מַאכֶען, אוּנְד צוּ שְׁלַאכְטֶען דִיא וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶעם רֶעכְטפַארְטִיגֶען וֶועג:

15 אָבֶּער זַייעֶר שְׁוֶוערְד וֶועט אִין זַייעֶר אֵייגֶען הַארְץ קוּמֶען, אוּנְד זַייעֶרֶע בּויגֶענְס וֶועלֶען צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען:

16 דָאס בִּיסֶעל וָואס דֶער צַדִיק הָאט אִיז בֶּעסֶער, אַלְס דֶער רַייכְטְהוּם פוּן פִילֶע רְשָׁעִים:

17 וָוארִין דִיא אָרֶעמְס פוּן דִיא רְשָׁעִים וֶועלֶען צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען, אָבֶּער יְהוָֹה לֶעהְנְט אוּנְטֶער דִיא צַדִיקִים:

18 יְהוָֹה וֵוייסְט דִיא טֶעג פוּן דִיא פְרוּמֶע, אוּנְד זַייעֶר עֶרְבְטְהֵייל (נַחֲלָה) וֶועט זַיין אוֹיף אֵייבִּיג:

19 זַייא וֶועלֶען נִיט פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען אִין אֵייגֶע שְׁלֶעכְטֶע צֵייט, אוּנְד אִין הוּנְגֶערְס טֶעג וֶועלֶען זַייא גֶעזֶעטִיגְט וֶוערֶען:

20 וָוארִין דִיא רְשָׁעִים וֶועלֶען פֶערְלוירֶען וֶוערֶען, אוּנְד דִיא פֵיינְד פוּן יְהוָֹה, וֶוען זַייא זֶענֶען גְלֵייךְ וִויא קֶעסְטלִיכֶע פֶעטֶע שָׁאף, וֶועלֶען זַייא דָאךְ פֶערשְׁוְואוּנְדֶען וֶוערֶען, אַזוֹי וִויא דֶער רויךְ וֶועלֶען זַייא פֶערשְׁוְואוּנְדֶען וֶוערֶען:

21 דֶער רָשָׁע בָּארְגְט אוּנְד עֶר בֶּעצָאהְלְט נִיט, אָבֶּער דֶער צַדִיק אִיז לֵייטְזֶעלִיג אוּנְד עֶר גִיבְּט:

22 וָוארִין זַיינֶע גֶעבֶּענְשְׁטֶע וֶועלֶען יַרְשְׁנְ'ן דָאס לַאנְד, אָבֶּער זַיינֶע פֶערְפְלוּכְטֶע וֶועלֶען פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען:

23 פוּן דֶעם הַאר גָאט וֶוערֶען דִיא טְרִיט פוּן אַזַא מֶענְשׁ בֶּעפֶעסְטִיגְט, אוּנְד עֶר בֶּעגֶעהְרְט זַיין וֶועג:

24 וָוארִין וֶוען עֶר פַאלְט, אַזוֹי וֶוערְט עֶר נִיט אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען, וָוארִין יְהוָֹה לֶעהְנְט אִיהְם אוּנְטֶער מִיט זַיינֶע הַאנְד:

25 אִיךְ בִּין יוּנְג גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַלְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעזֶעהֶען קֵיין צַדִיק פֶערְלָאזְט, אוּנְד זַיינֶע קִינְדֶער זָאלֶען בֶּעטֶען בְּרוֹיט:

26 דֶעם גַאנְצֶען טָאג אִיז עֶר לֵייטְזֶעלִיג אוּנְד עֶר בָּארְגְט (לֵייהֶעט), אוּנְד זַיין זָרַע אִיז צוּ אַ בְּרָכָה:

27 קֶעהְר אָפּ פוּן שְׁלֶעכְטֶעס אוּנְד טְהוּא גוּטֶעס, אוּנְד בְּלֵייבּ אוֹיף אֵייבִּיג:

28 וָוארִין יְהוָֹה הָאט לִיבּ מִשְׁפָּט, אוּנְד עֶר וֶועט נִיט פֶערְלָאזֶען זַיינֶע חֲסִידִים (פְרוּמֶע), זַייא וֶוערֶען אוֹיף אֵייבִּיג גֶעהִיטֶען, אָבֶּער דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא רְשָׁעִים וֶוערֶען פֶערשְׁנִיטֶען:

29 דִיא צַדִיקִים וֶועלֶען יַרְשְׁנְ'ן דָאס לַאנְד, אוּנְד וֶועלֶען אוֹיף אֵייבִּיג אוֹיף אִיהְר וְואוינֶען:

30 דָאס מוֹיל פוּן דֶעם צַדִיק רֶעט חָכְמָה, אוּנְד זַיינֶע צוּנְג רֶעט מִשְׁפָּט:

31 דִיא תּוֹרָה פוּן זַיין גָאט אִיז אִין זַיין הַארְץ; זַיינֶע טְרִיט וֶועלֶען נִיט אויסְגֶעגְלִיטְשְׁט וֶוערֶען:

32 דֶער רָשָׁע, לוּגְט (וַואכְט) אוֹיף דֶעם צַדִיק, אוּנְד בֶּעגֶעהְרְט אִיהְם צוּ טֵייטֶען:

33 דֶער הַאר וֶועט אִיהְם אָבֶּער נִיט אִיבֶּערְלָאזֶען אִין זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר וֶועט אִיהְם נִיט שוּלְדִיג מַאכֶען וֶוען עֶר וֶוערְט גֶע'מִשְׁפָּט:

34 הָאף אויף דֶעם הַאר, אוּנְד הִיט
זַיין וֶועג, אַזוֹי וֶועט עֶר דִיךְ דֶערְ־
הֵייבֶּען צוּ יַרְשְׁנְ׳ן דָאס לַאנְד ; וֶוען
דִיא רְשָׁעִים וֶועלֶען פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען
אַזוֹי וֶועסְט דוּא עֶס זֶעהֶען :
35 אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ שְׁטַארְקֶען
רָשָׁע, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אֵיינְגֶעוָוארְ־
צֶעלְט אַזוֹי וִויא אַ טִיף גֶעוָוארְצֶעלְטֶער
גְרִינֶער בּוֹים :
36 אָבֶּער וֶוען מֶען אִיז פֶערְבֵּייגֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד זֶעה, עֶר אִיז שׁוֹין נִיט
מֶעהְר גֶעוֶועזֶען, אִיךְ הָאבּ אִיהְם
גֶעזוּכְט, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אִיהְם נִיט
גֶעפוּנֶען :
37 הַאלְט דִיךְ פְרוּם, אוּנְד זֵייא
רֶעכְטפַארְטִיג, וָוארִין דָאס עֶנְד פוּן אַזוֹי
אֵיין מַאן אִיז שָׁלוֹם :
38 אָבֶּער דִיא פֶערבְּרֶעכֶער וֶועלֶען
צוּזַאמֶען פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען, דָאס עֶנְד
פוּן דִיא רְשָׁעִים וֶועט פֶערשְׁנִיטֶען
וֶוערֶען :
39 אוּנְד דִיא הִילְף פוּן דִיא צַדִיקִים
אִיז פוּן יְהֹוָה ; עֶר אִיז זֵייעֶר שְׁטַארְק־
הֵייט אִין דֶער צֵייט פוּן אֵיין צָרָה :
40 אוּנְד יְהֹוָה הֶעלְפְט זֵייא אוּנְד עֶר
מַאכְט זֵייא עֶנְטְרִינֶען, עֶר מַאכְט זֵייא
עֶנְטְרִינֶען פוּן דִיא רְשָׁעִים אוּנְד עֶר
וֶועט זֵייא הֶעלְפֶען, וֵוייל זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ בֶּעשִׁיצְט אִין אִיהְם :

## תהלים לח

1 אֵיין גֶעזַאנְג פוּן דָוִד, צוּם אָנְדֶענְקֶען :
2 אָ יְהֹוָה, דוּא זָאלְסְט מִיךְ נִיט
שְׁטְרָאפֶען אִין דֵיין צָארְן, אוּנְד זָאלְסְט
מִיךְ נִיט צִיכְטִיגֶען אִין דֵיין גְרִימְצָארְן :
3 וָוארִין דֵיינֶע פֵייליֶן זֶענֶען אִין מִיר
אַרֵיינְגֶעשְׁטֶעקְט, אוּנְד דוּא הָאסְט אוֹיף
מִיר דֵיינֶע הַאנְד גֶעלֵייגְט :
4 עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין גַאנְצְקֵייט אִין
מֵיין פְלֵיישׁ וֶועגֶען דֵיין צָארְן, עֶס אִיז
נִיט דָא קֵיין פְרִידֶען אִין מֵיינֶע בֵּיינֶער
וֶועגֶען מֵיינֶע זִינְד :
5 וָוארִין מֵיינֶע אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען
זֶענֶען אִיבֶּער מֵיין קָאפּ אַרִיבֶּערְגֶע־
גַאנְגֶען, אַזוֹי וִויא אֵיינֶע שְׁוֶוערֶע מַשָׂא
זֶענֶען זֵייא צוּ שְׁוֶוער פַאר מִיר :
6 מֵיינֶע וְואוּנְדֶען שְׁטִינְקֶען אוּנְד
פְלִיסֶען, וֶועגֶען מֵיינֶע נַארִישְׁקֵייטֶען :
7 אִיךְ בִּין זֵייעֶר פֶערקְרִימְט אוּנְד
אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען, דֶעם גַאנְצֶען טָאג גֵייא
אִיךְ אַרוּם פֶערשְׁוַוארְצְט :
8 וָוארִין מֵיינֶע לֶענְדֶען זֶענֶען פוּל
מִיט בְּרֶענוּנְג, אוּנְד עֶס אִיז נִיט דָא
קֵיין גַאנְצְקֵייט (גֶעזוּנְד) אִין מֵיין
פְלֵיישׁ :
9 אִיךְ בִּין פֶערשְׁמַאכְט, אוּנְד זֶעהְר
צוּשְׁטוֹיסֶען, אִיךְ שְׁרֵייא פוּן דִיא
בְּרִימוּנְג פוּן מֵיין הַארְץ :
10 אָ יְהֹוָה, פַאר דִיר אִיז מֵיין גַאנְץ
פֶערְלַאנְגֶען, אוּנְד מֵיין זִיפְצֶען אִיז פוּן
דִיר נִיט פֶערְבָּארְגֶען :
11 מֵיין הַארְץ דְרֵייט זִיךְ אַרוּם, מֵיין
כּוֹחַ הָאט מִיךְ פֶערְלָאזֶען, אוּנְד דִיא
לִיכְטִיגְקֵייט פוּן מֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען
אוֹיךְ נִיט בֵּייא מִיר :
12 מֵיינֶע לִיבְּהָאבֶּער אוּנְד מֵיינֶע
פְרֵיינְד הָאבֶּען זִיךְ קֶעגֶען מֵיינֶע פְּלָאג
גֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד מֵיינֶע קְרוֹבִים הָאבֶּען
זִיךְ פוּן ווייטֶען גֶעשְׁטֶעלְט :
13 אוּנְד זֵייא מַאכֶען מִיךְ שְׁטְרוֹיכְלֶען,
דִיא וָואס בֶּעגֶעהְרֶען מֵיין נֶפֶשׁ, אוּנְד
דִיא וָואס פָארְשֶׁען מֵיין שְׁלֶעכְטֶעס
רֶעדֶען פֶערקְרִימוּנְג (אוּנְרֶעכְט), אוּנְד
דֶעם גַאנְצֶען טָאג טְרַאכְטֶען זֵייא
פַאלְשְׁקֵייט :

14 אָבֶער אִיךְ בִּין וִויא אַ טױבֶּער, אִיךְ הֶער נִיט, אוּנְד וִויא אֵיין שְׁטוּמֶער וָואס עֶפֶענְט נִיט זֵיין מױל:

15 אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען וִויא אֵיין מֶענְשׁ וָואס הֶערְט נִיט, אוּנְד עֶר הָאט נִיט קֵיין שְׁטְרָאפְרֵייד אִין זֵיין מױל:

16 וָוארִין צוּ דִיר יְהֹוָה, הָאף אִיךְ, דוּא וֶועסְט עֶנְטְפֶערְן אָ הַאר, מֵיין גָאט:

17 וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, דָאס זֵייא זָאלֶען זִיךְ אִיבֶּער מִיר נִיט פְרֵייעֶן, וֶוען מֵיין פוּס וֶוערְט אָפְּגֶענֵייגְט מַאכֶען זֵייא זִיךְ אִיבֶּער מִיר גְרוֹיס:

18 וָוארִין אִיךְ בִּין צוּם הִינְקֶען אָנְגֶעגְרֵייט, אוּנְד מֵיינֶע וֵוייטָאגֶען זֶענֶען שְׁטֶענְדִיג פַאר מִיר:

19 וָוארִין אִיךְ וֶועל אָנְזָאגֶען מֵיינֶע זִינְד, אוּנְד אִיךְ בִּין בֶּעזָארְגְט וֶועגֶען מֵיינֶע זִינְד:

20 אָבֶער מֵיינֶע פֵיינְד לֶעבֶּען אוּנְד זֶענֶען שְׁטַארְק, אוּנְד פִילֶע זֶענֶען מֵיינֶע אוּמְזִיסְטֶע שׂוֹנְאִים:

21 אוּנְד זֵייא בֶּעצָאהְלֶען מִיר שְׁלֶעכְטֶעס אַנְשְׁטָאט גוּטֶעס, זֵייא הָאבֶּען מִיךְ פֵיינְד וֵוייל אִיךְ פָאלְג נָאךְ גוּטֶעס:

22 פֶערְלָאז מִיךְ נִיט, אָ יְהֹוָה, מֵיין גָאט, דוּא זָאלְסְט דִיךְ פוּן מִיר נִיט דֶערְוַוייטֶערְן:

23 אֵייל דִיךְ צוּ מֵיינֶע הִילְף, אָ יְהֹוָה, דוּא בִּיסְט מֵיינֶע הִילְף:

## תהלים לט

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער, דֶעם יְדוּתוּן—אֵיין גֶעזַאנְג פוּן דָוִד:

2 אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל הִיטֶען מֵיין וֶועג, דָאס אִיךְ זָאל נִיט זִינְדִיגֶען מִיט מֵיין צוּנְג, אִיךְ וֶועל הִיטֶען מֵיין מױל צוּ פֶערְשְׁלִיסֶען, אַזוֹי לַאנְג וִויא דֶער רָשָׁע אִיז קֶעגֶען מִיר:

3 אִיךְ בִּין פֶערְשְׁטוּמְט אוּנְד שְׁוַוייג שְׁטִיל, אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁוִויגֶען פוּן דֶעם גוּטֶען, אוּנְד אִיךְ וֶוער בֶּעטְרִיבְּט אִין מֵיינֶע וֵוייטָאג:

4 אָבֶער מֵיין הַארְץ וֶוערְט מִיר אִינְוֶועוֵייניג דֶערְהִיצְט, אִין מֵיין טְרַאכְטֶען הָאט זִיךְ אַ פֵייעֶר אָנְגֶעצוּנְדֶען, אִיךְ הָאבּ (גְלֵייךְ) מִיט מֵיינֶע צוּנְג גֶערֶעט:

אָ יְהֹוָה, מַאךְ מִיךְ וִויסֶען מֵיין עֶנְד, אוּנְד דִיא צָאל פוּן מֵיינֶע טֶעג—וָואס עֶס אִיז; אִיךְ וִויל וִויסֶען וִויא פֶערְגֶענְגְלִיךְ אִיךְ בִּין:

6 זֶעה, מֵיינֶע טֶעג הָאסְט דוּא גֶעגֶעבֶּען וִויא אֵיין טֶפַח (שְׁפַּאן) בְּרֵייט, אוּנְד מֵיינֶע לֶעבֶּענְס-צֵייט אִיז וִויא גָארְנִיט פַאר דִיר, גֵייעֶרְט דֶער בֶּעשְׁטַאנְד פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען אִיז הֶבֶל, סֶלָה:

7 דֶער מֶענְשׁ גֵייט אַרוּם אִין דֶעם שָׁטֶען, נָאר וֶועגֶען נַארִישְׁקֵייטֶען (הֶבֶל) טְרַאכְטֶען זֵייא, עֶר קְלוֹיבְּט צוּזַאמֶען, אָבֶער עֶר וֵוייסְט נִיט וֶוער עֶס וֶועט דָאס אֵיינְזַאמֶעלְן:

8 אוּנְד אַצוּנְד אוֹיף וָואס הָאף אִיךְ? אָ יְהֹוָה, מֵיינֶע הָאפֶענוּנְג אִיז צוּ דִיר:

9 זֵייא מִיךְ מַצִיל פוּן אַלֶע מֵיינֶע פֶערְבְּרֶעכוּנְגֶען, מַאךְ מִיךְ נִיט צוּ אַ חֶרְפָּה פַאר דִיא נַארוֹנִים:

10 אִיךְ בִּין פֶערְשְׁטוּמְט, אוּנְד אִיךְ מַאךְ נִיט אוֹיף מֵיין מױל, וָוארִין דוּא הָאסְט עֶס גֶעטְהוּן:

11 טְהוּא אָפּ פוּן מִיר דֵיין פְּלָאג, פוּן דֶער שְׁטְרָאף פוּן דֵיינֶע הַאנְד בִּין אִיךְ פֶערְלֶענְט:

12 מִיט דִיא שְׁטְרָאפוּנְג פַאר דִיא
זִינְד שְׁטְרָאפְסְט דוּא דֶעם מֶענְשׁ, אוּנְד
דוּא מַאכְסְט זֵיינֶע גְלוּסְטִיגְקֵייט צוּגֵיין
וִויא פוּן מָאטְטֶען (מַאל); אִיטְלִיכֶער
מֶענְשׁ אִיז נָאר נַארִישְׁקֵייט, סֶלָה!

13 הֶער צוּ מֵיין תְּפִלָּה, אָ יְהוָֹה,
אוּנְד פֶערְנֶעם מֵיין גֶעשְׁרֵייא, צוּ מֵיינֶע
טְרֶערֶען זָאלְסְט דוּא נִיט שְׁווֵייגֶען,
וָוארִין אִיךְ בִּין בֵּייא דִיר אַ גֵר, אֵיין
אֵיינְווָאוינֶער וִויא אַלֶע מֵיינֶע עֶלְטֶערְן:

14 בְּלִיק אַוֶועק פוּן מִיר אַזוֹי וֶועל
אִיךְ מִיךְ דֶערְקְוִויקֶען, אֵיידֶער אִיךְ גֵייא
אַוֶועק, אוּנְד אִיךְ בִּין נִיט מֶעהְר
דָא:

## תהלים מ

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד:

2 אִיךְ הָאבּ גֶעהָאפְט צוּ יְהוָֹה, אוּנְד
עֶר הָאט זִיךְ צוּ מִיר גֶענֵייגְט, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעהֶערְט מֵיין גֶעשְׁרֵייא:

3 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט
פוּן דֶער פִינְסְטֶערְן גְרוּבּ, פוּן דֶעם
זוּמְפִּיגֶען לֵיים, אוּנְד עֶר הָאט מֵיינֶע
פִּיס גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף אֵיין פֶעלְזֶען,
אוּנְד עֶר הָאט פֶעסְט גֶעמַאכְט מֵיינֶע
טְרִיט:

4 אוּנְד עֶר הָאט אִין מֵיין מוֹיל אֵיין
נֵייעֶם שִׁיר גֶעגֶעבֶּען, אֵיין לוֹיבּ צוּ
אוּנְזֶער גָאט, פִילֶע וֶועלֶען עֶס זֶעהֶען
אוּנְד וֶועלֶען מוֹרָא הָאבֶּען, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען זִיךְ פֶערְזִיכֶערְן אוֹיף דֶעם הַאר
(גָאט):

5 ווָאוֹיל אִיז דֶעם מֶענְשׁ וָואס עֶר
הָאט גֶעמַאכְט דֶעם הַאר צוּ זֵיינֶע
פֶערְזִיכֶערוּנְג, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ נִיט
גֶעקֶעהְרְט צוּ דִיא שְׁטָאלְצֶע, אוּנְד דִיא
וָואס גֵייעֶן אַרוּם מִיט לִיגֶען:

6 דוּא הָאסְט גְרוֹיסֶעס גֶעטְהוּן, אָ
יְהוָֹה מֵיין גָאט; דֵיינֶע וְואוּנְדֶער אוּנְד
דֵיינֶע מַחְשָׁבוֹת צוּ אוּנְס, עֶס אִיז נִיט
דָא קֵיין פֶערְגְלֵייכֶען צוּ דִיר, אִיךְ ווִיל
עֶס דֶערְצֵיילֶען אוּנְד דֶערְפוּן רֶעדֶען,
אָבֶּער זֵייא זֶענֶען צוּ פִיל צוּ דֶערְצֵיי־
לֶען:

7 שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער (זְבָחִים) אוּנְד
שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער (מְנָחוֹת) הָאסְט דוּא נִיט
פֶערְלַאנְגְט, אָבֶּער מֵיינֶע אוֹיעֶרְן הָאסְט
דוּא אוֹיפְגֶעמַאכְט (דוּרְכְגֶעגְרָאבֶּען), קֵיין
קָרְבָּן עוֹלָה אוּנְד חַטָּאת הָאסְט דוּא
נִיט פֶערְלַאנְגְט:

8 דֶענְסְטְמָאל הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, זֶעה,
אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען, אִין דִיא מְגִלָּה פוּן
דֶעם בּוּךְ אִיז וֶועגֶען מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען:

9 דֵיין רָצוֹן (ווִילֶען) צוּ טְהוּן מֵיין
גָאט, הָאבּ אִיךְ בֶּעגֶעהְרְט, אוּנְד דֵיין
תּוֹרָה אִיז אִין מֵיינֶע גֶעדֶערְם:

10 אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעזָאגְט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
אִין אֵיינֶע גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג, זֶעה,
אִיךְ הָאבּ מֵיינֶע לֶעפְצֶען נִיט פֶערְמִיטֶען,
אָ יְהוָֹה דוּא ווֵייסְט עֶס:

11 דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט הָאבּ אִיךְ
נִיט צוּגֶעדֶעקְט אִין מִיטֶען פוּן מֵיין
הַארְץ, דֵיינֶע טְרֵייהֵייט אוּנְד דֵיינֶע
הִילְף הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ
דֵיין חֶסֶד אוּנְד דֵיינֶע טְרֵייהֵייט נִיט
פֶערְלֵייקֶענְט צוּ דִיא גְרוֹיסֶע פֶערְ־
זַאמְלוּנְגֶען:

12 אָ יְהוָֹה, דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְמֵיידֶען
דֵיין רַחֲמָנוּת פוּן מִיר, דֵיין חֶסֶד אוּנְד
דֵיינֶע טְרֵייהֵייט זָאלֶען מִיךְ שְׁטֶענְדִיג
הִיטֶען:

13 וָוארִין עֶס הָאבֶּען מִיךְ אַרוּמְגֶע־
רִינְגֶעלְט אוּמְגְלִיקֶען אָהְן אַ צָאהְל,
מֵיינֶע זִינְד הָאבֶּען מִיךְ גֶעגְרֵייכְט דָאס
אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעקֶענְט זֶעהֶען, זֵייא

זֶענֶען מֶעהר אַלְס דִיא הָאר פוּן מַיין
קָאפּ, אוּנְד מַיין הַארְץ הָאט מִיךְ
פֶערְלָאזְט:
14 אָ יְהוָֹה, לָאז עֶס זַיין דַיין ווִילֶען
מִיךְ מַצִיל צוּ זַיין, אָ יְהוָֹה, אַיילֶע צוּ
מַיינֶער הִילְף:
15 זַייא וֶועלֶען וֶוערֶען צוּ אַ שַׁאנְד
אוּנְד צוּ אַ חֶרְפָּה צוּזַאמֶען, דִיא וָואס
זוּכֶען מַיינֶע זֶעעלֶע אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען, זַייא
וֶועלֶען זִיךְ אוּנְטֶער זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען
אוּנְד וֶועלֶען פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען, דִיא
וָואס בֶּעגֶעהְרֶען מַיין שְׁלֶעכְטֶעס:
16 זַייא וֶועלֶען פֶערְווִיסְט וֶוערֶען פוּן
וֶועגֶען זַייעֶר שַׁאנְד, דִיא וָואס זָאגֶען
צוּ מִיר, אוֹי ווֶייא! אוֹי ווֶיי!
17 אַלֶע דִיא וָואס זוּכֶען דִיךְ, וֶועלֶען
זִיךְ פְרֵייעֶן אוּנְד וֶועלֶען אִין דִיר
פְרֵיילִיךְ זַיין, דִיא וָואס הָאבֶּען לִיבּ
דַיינֶע הִילְף וֶועלֶען שְׁטֶענְדִיג זָאגֶען
יְהוָֹה אִיז גְרוֹיס:
18 אוּנְד אִיךְ בִּין אָרֶעם אוּנְד עֶלֶענְד,
אָבֶּער דֶער הַאר וֶועט וֶועגֶען מִיר
טְרַאכְטֶען, דוּא בִּיזְט מַיין הֶעלְפֶער
אוּנְד מַיין עֶנְטְרִינֶגער, אָ מַיין גָאט,
דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט פֶערְזוֹימֶען:

## תהלים מא

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד:
2 ווָאוֹיל אִיז דֶעם וֶועלְכֶער הַאנְדֶעלְט
קְלוּג קֶעגֶען דֶעם אָרֶעמֶען; אִין דֶעם
טָאג פוּן אַיין אוּמְגְלִיק וֶועט אִיהְם
יְהוָֹה מַאכֶען עֶנְטְרִינֶען:
3 יְהוָֹה וֶועט אִיהְם הִיטֶען אוּנְד לָאזֶען
לֶעבֶּען, אוּנְד עֶר וֶועט גְלִיקְלִיךְ זַיין
אִין דֶעם לַאנְד; אוּנְד דוּא וֶועסְט
אִיהְם נִיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ דֶעם ווִילֶען
פוּן זַיינֶע פֵיינְד:
4 דֶער הַאר (יְהוָֹה) וֶועט אִיהְם
אוּנְטֶערְלֶעהְנֶען אוֹיף דֶעם גֶעלֶעגֶער
פוּן שְׁמֶערְצֶען, זַיין גַאנְץ גֶעלֶעגֶער
אִין זַיינֶע קְרַאנְקְהַייט וֶועסְט דוּא
אוּמְווֶענְדֶען:
5 אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אָ יְהוָֹה, לַייטְ-
זֶעלִיג מִיךְ, הֵייל מַיין נֶפֶשׁ, וָוארִין אִיךְ
הָאבּ קֶעגֶען דִיר גֶעזִינְדִיגְט:
6 מַיינֶע פֵיינְד רֶעדֶען שְׁלֶעכְטֶעס
וֶועגֶען מִיר—וֶוען וֶועט עֶר שְׁטַארְבֶּען,
אוּנְד זַיין נָאמֶען וֶועט פֶערְלוֹירֶען
וֶוערֶען?
7 אוּנְד וֶוען אַיינֶער קוּמְט (מִיךְ) צוּ
זֶעהֶען, אַזוֹי רֶעט עֶר פַאלְשׁ, זַיין
הַארְץ זַאמֶעלְט זִיךְ אוּמְרֶעכְט, (וֶוען)
עֶר גֵייט אַרוֹיס אִין דִיא גַאס, אַזוֹי
רֶעט עֶר:
8 אַלֶע מַיינֶע שׂוֹנְאִים רֶעדֶען צוּזַאמֶען
אִין דֶער שְׁטִיל וֶועגֶען מִיר, זַייא
טְרַאכְטֶען וֶועגֶען מִיר, מִיר שְׁלֶעכְטֶעס
צוּ טְהוּן:
9 אַיינֶע שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ אִיז אִיבֶּער
אִיהְם אוֹיסְגֶענָאסֶען, אוּנְד אַלְס עֶר
הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט, אַזוֹי וֶועט עֶר נִיט
מֶעהר אוֹיפְשְׁטֵיין:
10 אַפִּילוּ מַיין פְרֵיינְדְלִיכֶער מַאן, אוֹיף
וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ אַ בִּטָחוֹן גֶעהַאט
וָואס הָאט גֶעגֶעסֶען מַיין בְּרוֹיט, הָאט
אוֹיף מִיר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִיא טְרִיט:
11 אָבֶּער דוּא אָ גָאט, לַייטְזֶעלִיג
מִיךְ אוּנְד שְׁטֶעל מִיךְ אוֹיף, כְּדֵי אִיךְ
זָאל עֶס זַייא בֶּעצָאהְלֶען:
12 מִיט דֶעם וֶועל אִיךְ ווִיסֶען דָאס
דוּא בֶּעגֶעהְרְסְט אִין מִיר, דָאס מַיין
פֵיינְד וֶועט אִיבֶּער מִיר נִיט שַׁאלֶען
(פְרֵיילִיךְ שְׁרֵייעֶן):
13 אָבֶּער אִין מַיינֶע גַאנְצְקֵייט הָאסְט
דוּא מִיךְ גֶעשְׁטִיצְט, אוּנְד דוּא הָאסְט

מִיךְ

מִיךְ אויף אײבּיג פֿאר דיר גֶעשְׁטֶעלְט׃
14 גֶעלויבְּט איז יְהוָֹה, דֶער גָאט
פֿון יִשְׂרָאֵל, פֿון אײבּיגְקײט בִּיז אײבּיגְ־
קײט! אָמֵן אוּנְד אָמֵן׃

# ספר שני

## תהלים מב

1 צוּ דֶעם זינְגֶער—אײנֶע בֶּעטְרַאכְטוּנְג
פֿון דיא קִינְדֶער פֿון קוֹרַח׃
2 ווִיא אײן הִירְשׁ שְׁרַײט װעגֶען
קְווַאלֶען ווַאסֶער אַזוֹי שְׁרַײט מֵײן נֶפֶשׁ
נָאךְ דִיר, אָ גָאט׃
3 מֵײן נֶפֶשׁ דָארְשְׁט נָאךְ גָאט, צוּ
דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט, װען װעל אִיךְ
קוּמֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל זֶעהֶען דָאס
אָנְגֶעזִיכְט פֿון גָאט׃
4 מֵײנֶע טְרֶערֶען זֶענֶען מִיר גֶעװָארֶען
מֵײן בְּרוֹיט טָאג אוּנְד נַאכְט, װען מֶען
זָאגְט צוּ מִיר דֶעם גַאנְצֶען טָאג, װאוּ
אִיז דֵײן גָאט?
5 דָאס דָאזִיגֶע אַז אִיךְ דֶערְמָאן מִיךְ,
גִים אִיךְ אוֹיס אִין מִיר מֵײנֶע זֶעעֶלֶע,
װָארִין אִיךְ װָאלְט װעלֶען אַרִיבֶּער גֵײן
מִיט דֶער מֶענְגֶע, אוּנְד זֵײא בֶּעגְלֵײטֶען
בִּיז צוּ דֶעם הויז פֿון גָאט מִיט אֵײן
קוֹל פֿון גֶעזַאנְג אוּנְד דַאנְק, מִיט דֶער
מֶענְגֶע װָאס הַאלְטֶען אֵײן פֵּייֶערְטָאג׃
6 װָאס בֵּײגְסְט דוּא דִיךְ אֵײן, אָ
מֵײנֶע זֶעעֶלֶע! אוּנְד װָאס בְּרוּמְסְט
דוּא אִין מִיר? הָאף צוּ גָאט, װָארִין
אִיךְ װעל אִיהְם נָאךְ דַאנְקֶען, (פֿאר)
דִיא הִילְף פֿון זֵײן אָנְגֶעזִיכְט (פָּנִים)׃
7 מֵײן גָאט, מֵײן נֶפֶשׁ הָאט זִיךְ אִין
מִיר גֶעבֵּייגְט, דַארוּם װעל אִיךְ דִיךְ
גֶעדֶענְקֶען פֿון דֶעם לַאנְד פֿון יַרְדֵן
אוּנְד פֿון חֶרְמוֹנִים, פֿון דֶעם בַּארְג
מִצְעָר׃
8 אֵײן אָפְּגְרוּנְד רוּפְט צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען
אָפְּגְרוּנְד, דוּרְךְ דֶעם קוֹל פֿון דֵיינֶע
װַאסֶער רִינֶעס, אַלֶע דֵיינֶע װַאסֶער־
בְּרוּךְ אוּנְד װעלְלֶען, גֵייעֶן אִיבֶּער מִיר
אַרִיבֶּער׃
9 בֵּייא טָאג װעט יְהוָֹה דֵיין חֶסֶד
בֶּעפֿוילֶען, אוּנְד בֵּייא נַאכְט װעט זֵיין
גֶעזַאנְג בֵּייא מִיר זֵיין, אֵיין תְּפִלָּה צוּ
דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט׃
10 אִיךְ װעל צוּ גָאט זָאגֶען, מֵיין
פֶעלְז, װַארוּם הָאסְט דוּא מִיךְ פֶערְ־
גֶעסֶען? װַארוּם זָאל אִיךְ אַרוּמְגֵיין
פֶערְשְׁװַארְצְט, דוּרְךְ דֶער בֶּעדְרִיקוּנְג
פֿון דֶעם פֵיינְד?
11 (דָאס אִיז) װִיא אֵיין מָארְד אִין
מֵיינֶע בֵּיינֶער, דָאס װָאס מֵיינֶע בֶּע־
לֵיידִיגֶער לֶעסְטֶערְן מִיךְ, װַייל זֵייא
זָאגֶען צוּ מִיר, דֶעם גַאנְצֶען טָאג, װאוּ
אִיז דֵיין גָאט׃
12 װָאס בֵּייגְסְט דוּא דִיךְ אָ מֵיינֶע
זֶעעֶלֶע? אוּנְד װָאס בְּרוּמְסְט דוּא אִין
מִיר? הָאף צוּ גָאט, װָארִין אִיךְ װעל
אִיהְם נָאךְ דַאנְקֶען, דִיא הִילְף פֿון
מֵיין פָּנִים, אוּנְד מֵיין גָאט׃

## תהלים מג

1 מִשְׁפָּט מִיךְ, אָ גָאט, אוּנְד קְרִיג
מֵיין קְרִיג עֶנְטְקֶעגֶען אֵיין פָאלְק װָאס
אִיז נִיט פְרוּם, פֿון דֶעם פַאלְשֶׁען אוּנְד
אוּנְרֶעכְטֶען מֶענְשׁ זָאלְסְט דוּא מִיךְ
מַצִיל זֵיין׃
2 װָארִין דוּא יְהוָֹה, בִּיזְט מֵיינֶע
שְׁטַארְקְהֵייט, פַאר װָאס זָאלְסְט דוּא
מִיךְ פֶערְלָאזֶען? װַארוּם זָאל אִיךְ

פֶערשְׁוואַרְצְט אַרוּמְגֵיין, וֶועגֶען דֶער
בֶּעדְריקוּנְג פוּן דֶעם פֵּיינְד:
3 שִׁיק דֵיין לִיכְט אוּנְד דֵיינֶע טְרֵייְ־
הַייט, דָאס זֵייא זָאלֶען מִיךְ פִּיהְרֶען,
זֵייא זָאלֶען מִיךְ בְּרֶענְגֶען צוּ דֵיין
הֵיילִיגֶען בַּארְג, אוּנְד צוּ דֵיינֶע וְואוֹי־
נוּנְגֶען:
4 אוּנְד אַזוֹי וֶועל אִיךְ קוּמֶען צוּ דֶעם
מִזְבֵּחַ פוּן גָאט, צוּ דֶעם גָאט, וָואס
אִיז דִיא שִׂמְחָה פוּן מֵיינֶע פְרֵיילִיכְקֵייט,
דָאס אִיךְ זָאל דִיר דַאנְקֶען מִיט דֶער
הַארְף, אָ גָאט, מֵיין גָאט:
5 וַוארוּם בֵּייגְסְט דוּא דִיךְ מֵיינֶע
זֶעעלֶע? אוּנְד וַוארוּם בְּרוּמְסְט דוּא
אִין מִיר? הָאף צוּ גָאט, וָוארִין אִיךְ
וֶועל אִיהְם נָאךְ דַאנְקֶען, דִיא הִילְף
פוּן מֵיין פָּנִים, אוּנְד מֵיין גָאט:

## תהלים מד

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—פוּן דִיא זִיהְן פוּן
קוֹרַח, אֵיינֶע בֶּעטְרַכְטוּנְג:
2 אָ גָאט, מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹירֶען
הָאבֶּען מִיר עֶס גֶעהֶערְט, אוּנְזֶערֶע
עֶלְטֶערְן הָאבֶּען עֶס אוּנְס דֶערְצֵיילְט,
דָאס וֶוערְק וָואס דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן
אִין זֵייעֶרֶע טֶעג, אִין דִיא פַארְצֵייטִיגֶע
טֶעג:
3 דוּא הָאסְט מִיט דֵיינֶע הַאנְד פֶעלְ־
קֶער פֶערטְרִיבֶּען, אוּנְד (אַנְדֶערֶע) הָאסְט
דוּא אֵיינְגֶעפְּלַאנְצְט, דוּא הָאסְט פֶעלְ־
קֶער צוּבְּרָאכֶען, אוּנְד (אַנְדֶערֶע) הָאסְט
דוּא אַוֶועק גֶעשִׁיקְט:
4 וָוארִין נִיט דוּרְךְ זֵייעֶר שְׁוֶוערְד
הָאבֶּען זֵייא גֶעיַרְשְׁת דָאס לַאנְד, אוּנְד
זֵייעֶר אָרֶעם הָאט זֵייא נִיט גֶעהָאלְפֶען,
נֵייעֶרְט דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד דֵיין
אָרֶעם, אוּנְד דִיא לִיכְטִיגְקֵייט פוּן דֵיין
פָּנִים, ווייל דוּא הָאסְט אַ גֶעפַאלֶען אַן
זֵייא:
5 דוּא בִּיזְט מֵיין קֶענִיג, אָ גָאט, דוּא
זָאלְסְט בֶּעפֶעהְלֶען הִילְף פַאר יַעֲקֹב:
6 דוּרְךְ דִיר וֶועלֶען מִיר אוּנְזֶערֶע
פֵיינְד פֶערשְׁטוֹיסֶען, דוּרְךְ דֵיין נָאמֶען
וֶועלֶען מִיר צוּטְרֶעטֶען דִיא וָואס
שְׁטֵייעֶן אוֹיף קֶעגֶען אוּנְס:
7 וָוארִין אִיךְ פֶערְזִיכֶער מִיךְ נִיט
אוֹיף מֵיין בּוֹיגֶען, אוּנְד מֵיין שְׁוֶוערְד
קֶען מִיר נִיט הֶעלְפֶען:
8 נֵייעֶרְט דוּא הָאסְט אוּנְס גֶעהָאלְפֶען
פוּן אוּנְזֶערֶע פֵיינְד, אוּנְד אוּנְזֶערֶע
שׂוֹנְאִים הָאסְט דוּא פֶערְשֶׁעהְמְט:
9 אִין גָאט רִיהְמֶען מִיר אוּנְס דֶעם
גַאנְצֶען טָאג, אוּנְד מִיר דַאנְקֶען דֵיין
נָאמֶען אוֹיף אֵייבִּיג, סֶלָה:
10 דָאךְ הָאסְט דוּא אוּנְס פֶערְלָאזֶען
אוּנְד פֶערשֶׁעמְט, אוּנְד דוּא בִּיזְט נִיט
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען מִיט אוּנְזֶערֶע חֲיָלוֹת:
11 דוּא הָאסְט אוּנְס צוּרִיק גֶעקֶעהְרְט
אַהִינְטֶער פוּן דֶעם בֶּעלֵיידִיגֶער, אוּנְד
אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים הָאבֶּען אוּנְס בֶּעְ־
רוֹיבְּט:
12 דוּא הָאסְט אוּנְס אַהִינְגֶעגֶעבֶּען וִויא
שָׁאף צוּם אוֹיפֶעסֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט
אוּנְס פֶערשְׁפְּרֵייט צְוִוישֶׁען דִיא פֶעלְ־
קֶער:
13 דוּא פֶערְקוֹיפְסְט דֵיין פָאלְק אוּמְ־
זִיסְט, אוּנְד דוּא הָאסְט נִיט גְרוֹיס
גֶעמַאכְט זֵייעֶר פְּרֵייז:
14 דוּא הָאסְט אוּנְס גֶעמַאכְט צוּ אַ
חֶרְפָּה צוּ אוּנְזֶערֶע שְׁכֵנִים, צוּ אַ שְׁפָּאט
אוּנְד צוּ אַ שַׁאנְד צוּ דִיא וָואס זֶענֶען
רִינְגְס אַרוּם אוּנְס:
15 דוּא הָאסְט אוּנְס גֶעמַאכְט צוּ אַ
מָשָׁל בֵּייא דִיא גוֹיִם, צוּם קָאפּ
שָׁאקֶעלְן צְוִוישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער:

16 דֶעם גַאנְצֶען טָאג אִיז מֵיין שַׁאנְד
פַאר מִיר, אוּנְד דִיא שַׁאנְד פוּן מֵיין
פָּנִים הָאט מִיךְ בֶּעדֶעקְט:
17 פוּן דֶעם קוֹל פוּן דֶעם שֶׁענְדֶער
אוּנְד לֶעסְטֶערֶער פַאר דֶעם פֵיינְד,
אוּנְד דֶער וָואס אִיז זִיךְ נוֹקֵם:
18 אַלֶעס דָאס דָאזִיגֶע אִיז אוֹיף
אוּנְס גֶעקוּמֶען, דָאךְ הָאבֶּען מִיר דִיךְ
נִיט פֶערְגֶעסֶען, אוּנְד מִיר הָאבֶּען נִיט
גֶעלֵייקֶענְט אִין דֵיין בְּרִית (בּוּנְד):
19 אוּנְזֶער הַארְץ הָאט זִיךְ נִיט אָפּ־
גֶעקֶעהְרְט אוּנְטֶער אוּנְס, אוּנְד אוּנְזֶער
טְרִיט הָאט זִיךְ נִיט אָפְּגֶענֵייגְט פוּן
דֵיין וֶועג:
20 חָאטְשֶׁע דוּא הָאסְט אוּנְס צוּ־
שְׁטוֹיסֶען אִין דֶעם אָרְט פוּן שְׁלַאנְגֶען,
אוּנְד הָאסְט אוּנְס בֶּעדֶעקְט מִיט דֶעם
שָׁאטֶען פוּן טוֹיט:
21 אוֹיב מִיר הָאבֶען פֶערְגֶעסֶען דֶעם
נָאמֶען פוּן אוּנְזֶער גָאט, אָדֶער מִיר
הָאבֶען אוּנְזֶערֶע הֶענְד אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט
צוּ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער:
22 וֶועט דֶען גָאט דָאס דָאזִיגֶע נִיט
אוֹיסְפָארְשֶׁען? וָוארִין עֶר וֵוייסְט דִיא
סוֹדוֹת פוּן דֶעם הַארְץ:
23 וָוארִין פוּן דֵיינֶעטְוֶועגֶען וֶוערֶען
מִיר דֶערשְׁלָאגֶען דֶעם גַאנְצֶען טָאג,
מִיר וֶוערֶען גֶערֶעכֶענְט אַזוֹי וִויא שָׁאף
צוּ דֶעם שֶׁעכְטֶען:
24 וַואךְ דִיךְ אוֹיף! פַארְוָואס שְׁלָאפְסְט
דוּא אָ הַאר, דֶערְוֶועק דִיךְ! פֶערְוַוארְף
אוּנְס נִיט אוֹיף אֵייבִּיג:
25 פַארְוָואס פֶערְבָּארְגְסְט דוּא דֵיין
פָּנִים, דוּא פֶערְגֶעסְט אוּנְזֶערֶע עֶלֶענְד
אוּנְד אוּנְזֶערֶע אוּנְטֶערְדְרִיקוּנְג?
26 וָוארִין אוּנְזֶערֶע זֶעעֶלֶע אִיז אֵיינְגֶע־
בּוֹיגֶען בִּיז צוּ דֶעם שְׁטוֹיבּ, אוּנְזֶער
לֵייבּ בֶּעהֶעפְט זִיךְ צוּ דֶער עֶרְד:
27 שְׁטֵייא אוֹיף, הֶעלְף אוּנְס, אוּנְד
דֶערְלֵייז אוּנְס פוּן וֶועגֶען דֵיין חֶסֶד:

## תהלים מה

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף שׁוֹשַׁנִּים־פוּן
דִיא זִיהְן פוּן קוֹרַח, אֵיינֶע בֶּעטְרַאכְ־
טוּנְג־אֵיין לִיד פוּן פְרֵיינְדְלִיכְקֵייט:
2 מֵיין הַארְץ טְרַאכְט אַ גוּטֶע זַאךְ,
אִיךְ זָאג, מֵיינֶע מַעֲשִׂים (וֶוערְק) זֶענֶען
וֶועגֶען אֵיין קֶענִיג, מֵיינֶע צוּנְג אִיז וִויא
אֵיינֶע פֶעדֶער פוּן אַ גִיכֶען שְׁרֵייבֶּער:
3 דוּא בִּיזְט שֶׁענֶער פוּן דִיא מֶענְשֶׁען־
קִינְדֶער, חֵן אִיז אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוֹיף
דֵיינֶע לִיפֶּען, דַארוּם הָאט דִיךְ גָאט
גֶעבֶּענְשְׁט אוֹיף אֵייבִּיג:
4 גִירְט אָן דֵיין שְׁוֶוערְט אַן דֵיין דִיךְ
(הִיפְטֶע), דוּא גִבּוֹר, דֵיינֶע שֵׁיינְקֵייט
אוּנְד דֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט:
5 אוּנְד אִין דֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט רֵייט
גְלִיקְלִיךְ, פוּן וֶועגֶען דֶעם אֱמֶת אוּנְד
דֶעמִיטִיגְקֵייט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט,
אוּנְד דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד וֶועט דִיךְ
שְׁרֶעקְלִיכֶעס לֶערְנֶען:
6 דֵיינֶע פֵיילֶען זֶענֶען שַׁארְף, דִיא
פֶעלְקֶער וֶועלֶען פַאר דִיר פַאלֶען,
(אוּנְד וֶועלֶען דְרִינְגֶען) אִין דֶעם הַארְץ
פוּן דֶעם קֶענִיגְס פֵיינְד:
7 דֵיין שְׁטוּהְל אָ גָאט, אִיז אוֹיף
אֵייבִּיג, דִיא רוּט (סְצֶעפְּטֶער) פוּן דֵיין
קֶענִיגְרֵייךְ, אִיז אֵיינֶע רוּט פוּן רֶעכְט־
פַארְטִיגְקֵייט:
8 דוּא הָאסְט לִיבּ צְדָקָה (גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט) אוּנְד דוּא הָאסְט פֵיינְד שְׁלֶעכְטֶעס,
דַארוּם הָאט דִיךְ גָאט דֵיין גָאט
גֶעזַאלְבְּט מִיט אֵייל פוּן פְרֵידֶען, מֶעהְר
אַלְס דֵיינֶע חֲבֵרִים:
9 אַלֶע דֵיינֶע קְלֵיידֶער שְׁמֶעקֶען פוּן

מִיר (מִירְהֶען) אוּנְד אֲהָלוֹת (אַלָאֶען)
אוּנְד קְצִיאוֹת (קַאצְיֶען), פוּן דִיא
פַּאלַאסְטֶען פוּן עֶלֶעפַאנְד־בֵּיין דֶערְ־
פְרֵייט דִיךְ דָאס זֵייטֶענְשְׁפִּיל:
10 דִיא טֶעכְטֶער פוּן דִיא מְלָכִים
(זֶענֶען גֶעצִירְט) אִין דֵיינֶע טֵייעֶרְסְטֶע
(צִירוּנְג), דִיא קֶענִיגֶען הָאט זִיךְ צוּ
דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד גֶעשְׁטֶעלְט אִין
רֵיינֶעם גָאלְד פוּן אוֹפִיר:
11 הֶער צוּ טָאכְטֶער אוּנְד זֶעה, אוּנְד
גֵייג דֵיין אוֹיעֶר, פֶערְגֶעס דֵיין פָאלְק
אוּנְד דָאס הוֹיז פוּן דֵיין פָאטֶער:
12 אַזוֹי וֶועט דֶער קֶענִיג לוּסְט
הָאבֶּען צוּ דֵיינֶע שֵׁיינְהֵייט, וָוארִין עֶר
אִיז דֵיין הַאר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ
צוּ אִיהְם בִּיקֶען:
13 אוּנְד דִיא טָאכְטֶער פוּן צוֹר
(וֶועט קוּמֶען) מִיט אֵיין גֶעשַׁאנְק, דִיא
רֵייכֶע אוּנְטֶער דֶעם פָאלְק, זֵייא וֶועלֶען
דֵיין גֶעזִיכְט אָנְבֶּעטֶען:
14 אַלֶע הֶערְלִיכְקֵייט וָואס אִיז אִינֶעְ־
וֵוייניג אִין דֶעם קֶענִיגְ'ס טָאכְטֶער, פוּן
גֶעשְׁטִיקְטֶעס גָאלְד אִיז אִיהְר קְלֵייד:
15 אִין (אַלֶערְלֵייא) גֶעוֶועבְּטֶע קְלֵיידֶער
וֶוערְט זִיא צוּ דֶעם קֶענִיג גֶעפִיהְרְט,
אוּנְטֶער אִיהְר זֶענֶען דִיא יוּנְגְפְרוֹיעֶן
אִיהְרֶע פְרֵיינְדִינְס וֶוערֶען צוּ דִיר
גֶעפִיהְרְט:
16 זֵייא וֶוערֶען גֶעפִיהְרְט מִיט פְרֵייד
אוּנְד פְרֵיילִיכְקֵייט, זֵייא וֶוערֶען אַרֵיינְ־
גֶעבְּרַאכְט אִין דֶעם פַּאלַאסְט פוּן דֶעם
קֶענִיג:
17 אַנְשְׁטָאט דֵיינֶע עֶלְטֶערְן וֶועלֶען
זֵיין דֵיינֶע קִינְדֶער, דוּא וֶועסְט זֵייא
מַאכֶען צוּ פִירְשְׁטֶען אִיבֶּער דֶעם
גַאנְצֶען לַאנְד:
18 אִיךְ וֶועל דֵיין נָאמֶען גֶערֶענְקֶען
אִין יֶעדֶען דוֹר, דַארִיבֶּער וֶועלֶען דִיךְ
פֶעלְקֶער לוֹיבֶּען אוֹיף אִימֶער אוּנְד
אֵייבִּיג:

תהלים מו

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער–פוּן דִיא זִיהְן פוּן
קוֹרַח, אֵיין גֶעזַאנְג אוֹיף עֲלָמוֹת:
2 גָאט אִיז אוּנְזֶערֶע בֶּעשִׁיצוּנְג אוּנְד
שְׁטַארְקְהֵייט, אֵיינֶע הִילְף אִין דֶער
נוֹיטְה, וָואס הָאט (אוּנְס) זֶעהְר גֶעְ־
טְרָאפֶען:
3 דַארִיבֶּער הָאבֶּען מִיר קֵיין מוֹרָא
נִיט, וֶוען אַפִּילוּ דִיא עֶרְד וֶועט פֶערְ־
טוֹישְׁט וֶוערֶען, וֶוען דִיא בֶּערְג וֶועלֶען
זִינְקֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן דִיא יַמִים:
4 וֶוען אַפִּילוּ זֵיינֶע וַואסֶערְן רוֹישֶׁען
אוּנְד שְׁטוּרְמֶען, וֶוען דִיא בֶּערְג
שְׁטוּרְמֶען אִין זֵיינֶע שְׁטָאלְצְהֵייט,
סֶלָה:
5 אָבֶּער גָאטְ'ס שְׁטָאט וֶועלֶען זֵיינֶע
טֵייכֶען דֶערפְרֵייעֶן, דִיא הֵיילִיגֶע וְואוֹיְ־
נוּנְגֶען פוּן דֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶען:
6 גָאט אִיז צְוִוישֶׁען אִיהְר, זִיא וֶועט
זִיךְ נִיט אוֹיסְגְלִיטְשֶׁען, גָאט וֶועט
אִיהְר הֶעלְפֶען אַם פְרִיה־מָארְגֶען:
7 דִיא פֶעלְקֶער בְּרוּמֶען, דִיא קֶענִיגְ־
רֵייכֶען וֶוערֶען אָפְּגֶענֵייגְט, עֶר הָאט
גֶעגֶעבֶּען (אַ גֶעשְׁרֵייא) מִיט זֵיין קוֹיל,
דִיא עֶרְד וֶוערְט צוּשְׁמָאלְצֶען:
8 דֶער הַאר (יְהֹוָה) צְבָאוֹת אִיז מִיט
אוּנְס, דֶער גָאט פוּן יַעֲקוֹב אִיז אַ פֶעסְטוּנְג
פַאר אוּנְס, סֶלָה:
9 קוּמְט, זֶעהְט דִיא וֶוערְק פוּן יְהֹוָה,
וֶועלְכֶער הָאט גֶעמַאכְט פֶערְווִיסְטוּנְג
אִין דֶער עֶרְד:
10 עֶר מַאכְט צוּשְׁטֶערְן דִיא מִלְחָמוֹת
בִּיז צוּ דֶעם עֶנְד פוּן דֶער עֶרְד, דֶעם
בּוֹיגֶען צוּבְּרֶעכְט עֶר אוּנְד דֶעם שְׁפִּיז

צוּהאַקְט עֶר, דִיא רֵייטְוָועגֶען פֶערבְּרֶענְט
עֶר אִים פֵייעֶר ׃
11 לָאזְט אָפּ אוּנְד דֶערְקֶענְט דָאס
אִיךְ בִּין גָאט ; אִיךְ וָועל זֵיין דֶערְהוֹי־
בֶּען אוּנְטֶער דִיא גוֹיִם, אִיךְ וָועל זֵיין
דֶערְהוֹיבֶּען אוֹיף דֶער עֶרְד ׃
12 דֶער הַאר (יְהֹוָה) צְבָאוֹת אִיז
מִיט אוּנְס, דֶער גָאט פוּן יַעֲקֹב אִיז
אַ פֶעסְטוּנְג פַאר אוּנְס, סֶלָה ׃

תהלים מז

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער–פוּן דִיא זִיהְן פוּן
קוֹרַח–אַ גֶעזַאנְג ׃
2 פַּאטְשְׁט מִיט דִיא הֶענְד אַלֶע אִיהְר
פֶעלְקֶער, שַׁאלְט צוּ גָאט מִיט אֵיין
קוֹל פוּן גֶעזַאנְג ׃
3 וָוארִין יְהֹוָה, דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער
אִיז פָארְכְטִיג, (עֶר אִיז) אֵיין גְרוֹיסֶער
קֶענִיג אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע עֶרְד ׃
4 עֶר מַאכְט דִיא פֶעלְקֶער אוּנְטֶערְ־
טֶענִיג צוּ אוּנְס, אוּנְד דִיא אוּמוֹת
אוּנְטֶער אוּנְזֶערֶע פִיס ׃
5 עֶר הָאט פַאר אוּנְס אוֹיסְדֶערְוֶוילְט
אוּנְזֶער נַחֲלָה, דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן
יַעֲקֹב וֶועלְכֶע עֶר הָאט לִיבּ, סֶלָה ׃
6 גָאט אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען מִיט אֵיין
שַׁאלוּנְג, יְהֹוָה, מִיט דֶעם קוֹל פוּן דֶעם
שׁוֹפָר ׃
7 זִינְגְט צוּ גָאט, זִינְגְט ! זִינְגְט צוּ
אוּנְזֶער קֶענִיג זִינְגְט ׃
8 וָוארִין גָאט אִיז אַ קֶענִיג אִיבֶּער
דִיא גַאנְצֶע עֶרְד, זִינְגְט (אִיטְלִיכֶער)
פַארשְׁטֶענְדִיגֶער ׃
9 גָאט רֶעגִירְט אִיבֶּער דִיא פֶעלְקֶער,
גָאט הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף זֵיין
הֵיילִיגֶען שְׁטוּהְל ׃
10 דִיא הַארֶען פוּן דִיא פֶעלְקֶער
הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט צוּ דֶעם פָאלְק
פוּן דֶעם גָאט פוּן אַבְרָהָם, וָוארִין צוּ
גָאט גֶעהֶערֶען דִיא שִׁילְדֶער פוּן דֶער
עֶרְד, עֶר אִיז זֶעהְר דֶערְהוֹיבֶּען ׃

תהלים מח

1 אַ לִיד–אַ גֶעזַאנְג פוּן דִיא זִיהְן
פוּן קוֹרַח ׃
2 יְהֹוָה אִיז גְרוֹיס אוּנְד זֶעהְר גֶע־
לוֹיבְּט ; אִין דֶער שְׁטָאט פוּן אוּנְזֶער
גָאט, אוֹיף זֵיין הֵיילִיגֶען בַּארְג ׃
3 דֶער בַּארְג צִיוֹן אִיז שֵׁיין פוּן דֶערְ־
הֵייבוּנְג, דִיא פְרֵיילִיכְקֵייט פוּן דִיא
גַאנְצֶע עֶרְד, בִּיז צוּ דֶער צָפוֹן־זֵייט
אִיז דִיא שְׁטָאט פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען
קֶענִיג ׃
4 גָאט אִיז בֶּעקַאנְט אִין אִיהְרֶע
פַּאלַאסְטֶען, צוּ אַ פֶעסְטוּנְג ׃
5 וָוארִין זֶעה, דִיא מְלָכִים הָאבֶּען
זִיךְ אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט, זֵייא זֶענֶען צוּזַאמֶען
אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען ׃
6 וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען,
אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ פֶערְוָואוּנְדֶערְט,
זֵייא זֶענֶען דֶערשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען אוּנְד
הָאבֶּען זִיךְ גֶעאֵיילְט (צוּ עֶנְטְלוֹיפֶען) ׃
7 אַ צִיטֶערְנִיש הָאט זֵייא דָארְטֶען
אָנְגֶענוּמֶען, אַ וֵוייטָאג אַזוֹי וִויא אַ
גֶעווִינֶערִין ׃
8 מִיט דֶעם מִזְרַח–וִוינְד הָאסְט דוּא
צוּבְּרָאכֶען דִיא שִׁיפֶען פוּן תַּרְשִׁישׁ ׃
9 אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט,
אַזוֹי הָאבֶּען מִיר עֶס אוֹיךְ גֶעזֶעהֶען
אִין דִיא שְׁטָאט פוּן דֶעם יְהֹוָה צְבָאוֹת,
אִין דִיא שְׁטָאט פוּן אוּנְזֶער גָאט, גָאט
וֶועט זִיא אָנְבְּרֵייטֶען בִּיז אֵייבִּיג, סֶלָה ׃
10 אָ גָאט מִיר הָאבֶּען גֶעטְרַאכְט
וֶועגֶען דֵיין חֶסֶד אִין מִיטֶען פוּן דֵיינֶע
פַּאלַאסְטֶען ׃
11 אַזוֹי וִויא דֵיין נָאמֶען אִיז אָ גָאט,

אַזוי אִיז דַיין לויב בִּיז צוּ דֶעם עֶנְד
פוּן דֶער עֶרְד, דַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד
אִיז פוּל מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃
12 דֶער בַּארְג צִיוֹן וֶועט זִיךְ פְרֵייעֶן,
דִיא טֶעכְטֶער פוּן יְהוּדָה וֶועלֶען פְרֵיילִיךְ
זַיין, וֶועגֶען דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים׃
13 רִינְגֶעלְט אַרוּם צִיוֹן אוּנְד גֵייט
אוּם אִיהְר אַרוּם, צֵיילְט אִיהְרֶע
טוּרֶעמְס׃
14 טְהוּט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער צוּ אִיהְרֶע
מוֹיעֶרְן, בֶּעטְרַאכְטֶעט אִיהְרֶע פַּאַ־
לַאסְטֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט עֶס דֶערְצֵיילֶען
צוּ דֶעם שְׁפֶּעטֶערֶען דוֹר׃
15 וָוארִין דֶער דָאזִיגֶער גָאט, אִיז
אוּנְזֶער גָאט אוֹיף אִימֶער אוּנְד אֵייבִּיג,
עֶר וֶועט אוּנְס פִיהְרֶען (וִויא אִין דִיא)
יוּגֶענְד׃

## תהלים מט

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער–פוּן דִיא זִיהְן פוּן
קוֹרַח אַ גֶעזַאנְג׃
2 הֶערְט צוּ דָאס דָאזִיגֶע אִיהְר אַלֶע
פֶעלְקֶער, פֶערְנֶעמְט עֶס אִיהְר אַלֶע
אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן דֶער וֶועלְט׃
3 וִויא דִיא (גֶעוֶועהְנְלִיכֶע) מֶענְשֶׁען־
קִינְדֶער אַזוֹי אוֹיךְ דִיא זִיהְן פוּן דִיא
עֶדֶעל־לֵייט, רֵייכֶע אוּנְד אָרֶעמֶע
צוּזַאמֶען׃
4 מֵיין מוֹיל וֶועט רֶעדֶען חָכְמוֹת,
אוּנְד מֵיין הַארְץ וֶועט טְרַאכְטֶען
פֶערשְׁטֶענְדִיגְקֵייט׃
5 אִיךְ וֶועל נֵייגֶען צוּ דֶעם מָשָׁל
מֵיין אוֹיעֶר; מִיט מֵיין הַארְץ וֶועל אִיךְ
אָנְפַאנְגֶען מֵיין רֶעטֶענִים׃
6 פַארְוָואס זָאל אִיךְ מוֹרָא הָאבֶּען
אִין דִיא שְׁלֶעכְטֶע טֶעג? דִיא זִינְד פוּן
מֵיינֶע טְרִיט רִינְגֶעלְן מִיךְ אַרוּם׃
7 דִיא וָואס פֶערְזִיכֶערֶען זִיךְ אוֹיף
זֵייעֶר פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד בֶּערִיהְמֶען זִיךְ
מִיט זֵייעֶר גְרוֹיס רֵייכְטְהוּם׃
8 קֵיינֶער קֶען דֶעם בְּרוּדֶער אוֹיסְ־
לֵייזֶען, מֶען קֶען נִיט צוּ גָאט קֵיין
אוֹיסְקוֹיף גֶעלְד גֶעבֶּען׃
9 דִיא אוֹיסְלֵייזוּנְג פַאר זֵיין נֶפֶשׁ אִיז
צוּ טֵייעֶר, אוּנְד מֶען וֶועט עֶס פֶערְ־
מֵיידֶען אוֹיף אֵייבִּיג׃
10 אוּנְד עֶר וִויל נָאךְ אֵייבִּיג לֶעבֶּען,
עֶר זָאל דִיא גְרוּבּ נִיט זֶעהֶען׃
11 וָוארִין עֶר זֶעהְט דָאס דִיא חֲכָמִים
שְׁטַארְבֶּען צוּזַאמֶען מִיט דִיא נַארֶען,
אוּנְד אוּנְפֶערשְׁטֶענְדִיגֶע וֶוערֶען פֶערְ־
לוֹירֶען, אוּנְד לָאזֶען אִיבֶּער זֵייעֶר
פֶערְמֶעגֶען צוּ אַנְדֶערֶע׃
12 (זֵייא טְרַאכְטֶען) אִין זִיךְ, דָאס
זֵיירֶע הֵייזֶער בֶּעשְׁטֵייעֶן אוֹיף אֵייבִּיג,
פוּן דוֹר צוּ דוֹר, זֵייא רוּפֶען דִיא
לֶענְדֶער נָאךְ זֵיירֶע נֶעמֶען׃
13 אָבֶּער דֶער מֶענְשׁ וֶועט נִיט
בְּלֵייבֶּען אִין דֶער הֶערְלִיכְקֵייט, עֶר
אִיז גְלֵייךְ צוּ דִיא בְּהֵמוֹת וָואס וֶוערֶען
פֶערשְׁנִיטֶען׃
14 דֶער דָאזִיגֶער פִיהְרוּנְג זֵיירֶער אִיז
נַארִישְׁקֵייט, דָאךְ דִיא וָואס קוּמֶען נָאךְ
זֵייא בֶּעוִוילִיגֶען עֶס מִיט זֵייעֶר מוֹיל
(וֶוערְטֶער), סֶלָה׃
15 וִויא שָׁאף, לֵייגְט מֶען זֵייא אִין
דֶעם שְׁאוֹל (גְרוּבּ), דֶער טוֹיט, עֶר
וֶועט זֵייא פִיטֶערְן, אָבֶּער דִיא רֶעכְטְ־
פַארְטִיגֶע וֶועלֶען אִיבֶּער זֵייא אַם
פְרִיה־מָארְגֶען גֶעוֶועלְטִיגֶען, אוּנְד זֵיירֶע
גֶעשְׁטַאלְט וֶועט פֶערְפוֹילְט וֶוערֶען אִין
דִיא גְרוּבּ, וָוייל דָאס אִיז זֵיירֶע
וְואוֹינוּנְג׃
16 אָבֶּער גָאט וֶועט מֵיין נֶפֶשׁ אוֹיסְ־
לֵייזֶען פוּן דֶער הַאנְד (מַאכְט) פוּן דִיא

גְרוּב, וָוארִין עֶר הָאט מִיךְ אָנְגֶענוּמֶען
סֶלָה׃
17 הָאבּ נִיט קֵיין מוֹרָא, וֶוען אֵיין
מֶענְשׁ וֶוערְט רֵייךְ, וֶוען דֶער כָּבוֹד
פוּן זֵיין הוֹיז פֶערְמֶעהְרְט זִיךְ׃
18 וָוארִין עֶר וֶועט אִין זֵיין טוֹיט
גָארְנִיט מִיט גֶעמֶען, זֵיין כָּבוֹד וֶועט
נִיט נָאךְ אִיהְם אַרוּפְּנִידֶערְן׃
19 וָוארִין וֶוען עֶר אוֹיךְ בֶּענְשְׁט זֵיין
נֶפֶשׁ בֵּייא זֵיין לֶעבֶּען, אוּנְד וֶוען מֶען
לוֹיבְּט דִיךְ וֶוען עֶס גֵייט דִיר גוּט׃
20 דָאךְ וֶועסְט דוּא קוּמֶען צוּ דֶעם
דוֹר פוּן זֵיינֶע עֶלְטֶערְן, זֵייא וֶועלֶען
אוֹיף אֵייבִּיג נִיט זֶעהֶען דִיא לִיכְטִיג־
קֵייט׃
21 דֶער מֶענְשׁ וָועלְכֶער אִיז אִין
הֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד הָאט קֵיין פֶערְ־
שְׁטַאנְד, עֶר אִיז גְלֵייךְ צוּ דִיא בְּהֵמוֹת
וָועלְכֶע וֶוערֶען פֶערְשְׁנִיטֶען׃

תהלים נ

1 אֵיין גֶעזַאנְג פוּן אָסָף—דֶער שְׁטַארְ־
קֶער גָאט, יְהֹוָה, הָאט גֶערֶעט, עֶר
הָאט דִיא עֶרְד גֶערוּפֶען, פוּן דֶעם
אָרְט אַהִין וואו דִיא זוּן שֵׁיינְט אוֹיף בִּיז צוּ
זֵיין אוּנְטֶערְגַאנְג׃
2 פוּן צִיּוֹן וָואס אִיז גַאנְץ שֵׁיין, הָאט
גָאט גֶעשֵׁיינְט׃
3 אוּנְזֶער גָאט וֶועט קוּמֶען אוּנְד
וֶועט נִיט שְׁווייגֶען, אַ פֵייעֶר וֶועט
פַאר אִיהְם בְּרֶענֶען, אוּנְד אַרוּם אִיהְם
וֶועט עֶס זֶעהְר שְׁטוּרְמֶען׃
4 עֶר וֶועט רוּפֶען פוּן דֶעם הִימֶעל
פוּן אוֹיבֶּען, אוּנְד צוּ דֶער עֶרְד, כְּדֵי זֵיין
פָאלְק צוּ מִשְׁפָּטְ'ן׃
5 פֶערְזַאמֶעלְט צוּ מִיר מֵיינֶע חֲסִידִים
(פְרוּמֶע), וֶועלְכֶע הָאבֶּען מִיט מִיר
כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ שֶׁעכְטוּנְג

(קָרְבָּנוֹת)׃
6 אַפִילוּ דִיא הִימֶעל וֶועלֶען דֶערְצֵיילֶען
זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, וָוארִין גָאט אִיז
דֶער רִיכְטֶער, סֶלָה׃
7 הֶער צוּ מֵיין פָאלְק אוּנְד אִיךְ וֶועל
רֶעדֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֵדוּת זָאגֶען
קֶעגֶען דִיר אָ יִשְׂרָאֵל, אִיךְ בִּין גָאט
דֵיין גָאט׃
8 נִיט וֶועגֶען דֵיינֶע זְבָחִים וֶועל אִיךְ
דִיךְ שְׁטְרָאפֶען, אוּנְד דֵיינֶע עוֹלוֹת זֶענֶען
דָאךְ שְׁטֶענְדִיג פַאר מִיר׃
9 אִיךְ וֶועל נִיט גֶעמֶען פוּן דֵיין הוֹיז
קֵיין אָקְס, אָדֶער בֶּעק פוּן דֵיינֶע
שְׁטַאלֶען׃
10 וָוארִין אַלֶע חַיּוֹת פוּן דֶעם וַואלְד
זֶענֶען מֵיינֶע, (אוֹיךְ) דִיא בְּהֵמוֹת אוֹיף
טוֹיזֶענְד בֶּערְג׃
11 אִיךְ קֶען אַלֶע פֵייגֶעל פוּן דִיא
בֶּערְג, אוּנְד אַלֶעס קְרִיכֶענְדֶע אוֹיף
דֶעם פֶעלְד אִיז בֵּייא מִיר׃
12 וֶוען אִיךְ וֶועל הוּנְגֶערִיג וֶוערֶען,
אַזוֹי וֶועל אִיךְ עֶס דִיר נִיט זָאגֶען, וָוארִין
דִיא וֶועלְט אוּנְד אִיהְרֶע פוּלְהֵייט אִיז מֵיין׃
13 עֶס אִיךְ דֶען דָאס פְלֵיישׁ פוּן
אָקְסֶען? אָדֶער טְרִינְק אִיךְ דֶען דָאס
בְּלוּט פוּן בֶּעק?
14 שֶׁעכְט צוּ גָאט אַ קָרְבָּן תּוֹדָה, אוּנְד
בֶּעצָאהְל צוּ דֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶען דֵיינֶע
נְדָרִים׃
15 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט מִיךְ רוּפֶען
אִין דֶעם טָאג פוּן אַ צָרָה, אַזוֹי וֶועל
אִיךְ דִיךְ מַצִיל זַיין אוּנְד דוּא זָאלְסְט
מִיךְ עֶהְרֶען׃
16 אָבֶּער צוּ דֶעם רָשָׁע זָאגְט גָאט,
וָואס הָאסְט דוּא צוּ דֶערְצֵיילֶען מֵיינֶע
חֻקִּים? אוּנְד דוּא טְרָאגְסְט אוֹיף דֵיין
מוֹיל מֵיין בְּרִית!

אוּנד

17 אונד דו האסט פיינד מוסר,
אונד מיינע ווערטער ווארפסט דו
אונטער דיר:
18 ווען דו זעהסט א גנב, אזוי
לויפסט דו מיט איהם, אונד מיט
די נואפים איז דיין חלק:
19 דיין מויל האסט דו געשיקט צו
דעם שלעכטען, אונד דיינע צונג איז
בעהעפט צו פאלשקייט:
20 דו זיצט אונד רעדסט וועגען
דיין ברודער, דעם זוהן פון דיינע
מוטער טהוסט דו בערעדען:
21 דאס דאזיגע האסט דו געטהון,
אונד איך האב געשוויגען, אזוי מיינסט
דו דאס איך וועל זיין גלייך אזוי
וויא דו? (אבער) איך וועל דיך
שטראפען, אונד וועל עס אנריכטען
פאר דיינע אויגען:
22 בעמערקט דאך דאס, די איהר
גאט פערגעסט, דאס איך זאל ניט
פערצוקען, ווען קיינער וועט ניט
מציל זיין:
23 דער וואס אפפערט א קרבן תודה,
דער האלט מיך בכבוד, אונד דאס איז
דער וועג, וואס איך וועל איהם ווייזען
די הילף פון גאט:

## תהלים נא

1 צו דעם זינגער—א געזאנג פון דוד:
2 ווען נתן דער נביא איז צו איהם
געקומען, ווען ער איז אריינגעגאנגען
צו בת־שבע:
3 לייטזעליג מיך א גאט! נאך דיין
חסד, נאך דיין גרויס רחמנות, מעק
אויס מיינע שולדען:
4 זאלסט מעהרען מיך צו וואשען פון
מיין אומרעכט, אונד דו זאלסט מיך
ריינינגען פון מיינע זינד:
5 ווארין איך ווייס מיין פערברעכען,
אונד מיינע זינד איז שטענדיג פאר
מיר:
6 נאר צו דיר אליין האב איך גע־
זינדיגט, אונד איך האב דאס שלעכטע
אין דיינע אויגען געטהון, דערמיט
ווערסט דו גערעכט בלייבען אין
דיינע רייד, אונד דו ווערסט ריין זיין
אין דיין משפט:
7 זעה, אין אונגערעכטיגקייט בין
איך געבוירען געווארען, אונד אין זינד
האט מיך מיינע מוטער ענטפאנגען:
8 זעה, דו פערלאנגסט אמת וואס
איז אים פערבארגענעם, אונד דו
מאכסט מיך וויסען די חכמה וואס
איז בעהאלטען:
9 דו זאלסט מיך ריינינגען מיט
אזוב, אזוי וועל איך ריין זיין, וואש
מיך, אזוי וועל איך זיין ווייסער אלס
שניי:
10 דו זאלסט מיך לאזען הערען
פרייד אונד פריילִיכקייט, אז די ביינער
וועלכע דו האסט צושלאגען זאלען
זיך פרייען:
11 פערבארג דיין פנים פון מיינע
זינד, אונד אלע מיינע אומגערעכטיג־
קייט זאלסט דו אפמעקען:
12 בעשאף אין מיר א ריין הארץ א
גאט, אונד איין ריכטיגען גייסט
זאלסט דו אין מיר בענייען:
13 פערווארף מיך ניט פון דיין פנים,
אונד דיין רוח הקודש זאלסט דו פון
מיר ניט אוועקנעמען:
14 קעהר צוריק צו מיר די פרייד
פון דיינע הילף, אונד מיט איין
בעוויליגטען גייסט זאלסט דו מיך
אונטערלעהנען:

15 אַזוי װעל אִיךְ לֶערְנֶען דִיא פּוֹשְׁעִים
דַיינֶע װעגֶען, אוּנְד דִיא זִינְדִיגֶע װעלֶען
זִיךְ צוּ דִיר צוּרִיקְקֶעהְרֶען:
16 זֵייא מִיךְ מַצִיל פוּן בְּלוּט־שׁוּלְדִיגְ־
קַייט, אָ גָאט, דֶער גָאט פוּן מֵיינֶע
הִילְף, מֵיין צוּנְג זָאל זִינְגֶען פוּן דֵיינֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט:
17 אָ הַאר, מַאךְ אוֹיף מֵיינֶע לֶעפְּצֶען,
דָאס מֵיין מוֹיל זָאל דֵיין לוֹיבּ דֶערְ־
צֵיילֶען:
18 װָארִין דוּא פֶערְלַאנְגְסְט נִיט קֵיינֶע
זְבָחִים, װֶען יָא װָאלְט אִיךְ עֶס דִיר
גֶעגֶעבֶּען, קֵיין עוֹלָה װִילְסְט דוּא נִיט:
19 דִיא קָרְבָּנוֹת פַאר גָאט, אִיז אֵיין
צוּבְּרָאכֶענֶער גֵייסְט; אֵיין צוּבְּרָאכֶענֶעס
אוּנְד צוּשְׁטוֹיסֶענֶעס הַארְץ, אָ גָאט,
װֶעסְט דוּא נִיט מְבַזֶה מַאכֶען (פֶערְ־
אַכְטֶען):
20 טְהוּא גוּטֶעס צוּ צִיוֹן מִיט דֵיין
(גוּטֶען) װִילֶען, בּוֹיעֶ אוֹיף דִיא מוֹיעֶרְן
פוּן יְרוּשָׁלַיִם:
21 דֶענְסְטְמָאל װֶעסְט דוּא פֶערְלַאנְגֶען
קָרְבָּנוֹת פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אֵיין עוֹלָה
אוּנְד אֵיין גַאנְץ אָפְּפֶער, דֶענְסְטְמָאל
װעלֶען זֵייא אוֹיף דֵיין מִזְבֵּחַ אָקְסֶען
מַקְרִיב זֵיין (אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען):

תהלים נב

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער–אֵיינֶע בֶּעטְרַאכְטוּנְג
פוּן דָוִד:
2 װען דוֹאֵג דֶער אַדוֹמִי אִיז גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאט אָנְגֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דָאס דָוִד אִיז
גֶעקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן אַחִימֶלֶךְ:
3 װָאס בֶּערִיהְמְסְט דוּא דִיךְ מִיט
דֶעם שְׁלֶעכְטֶען דוּא גִבּוֹר? דֶער חֶסֶד
פוּן גָאט אִיז דֶעם גַאנְצֶען טָאג:
4 דֵיינֶע צוּנְג טְרַאכְט שֶׁענְדְלִיכֶעס, װִיא
אֵיין גֶעשְׁלִיפֶענֶעס גָאל־מֶעסֶער טְהוּט
פַאלְשׁ:
5 דוּא הָאסְט לִיבֶּער שְׁלֶעכְטֶעס דֶען
גוּטֶעס (דוּא הָאסְט לִיבֶּער) פַאלְשְׁקֵייט
אַלְס צוּ רֶעדֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, סֶלָה:
6 דוּא הָאסְט לִיבֶּער אַלֶע פֶערְדָארְ־
בֶּענֶע װערְטֶער, דוּא פַאלְשֶׁע צוּנְג!
7 גָאט װעט דִיךְ אוֹיךְ אוֹיף אֵייבִּיג
צוּשְׁטוֹיסֶען, עֶר װעט דִיךְ פֶערשְׁנֵיידֶען
אוּנְד װעט דִיךְ אוֹיסְרֵייסֶען פוּן דֶעם
גֶעצֶעלְט, אוּנְד װעט דִיךְ אוֹיסְװָארְצֶעלְן
פוּן דֶעם לַאנְד פוּן לֶעבֶּען, סֶלָה:
8 אוּנְד דִיא צַדִיקִים װעלֶען עֶס זֶעהֶען
אוּנְד װעלֶען מוֹרָא הָאבֶּען, אוּנְד זֵייא
װעלֶען אִיבֶּער אִיהְם לַאכֶען:
9 זֶעה, דָאס אִיז דֶער מֶענְשׁ, װָאס
מַאכְט נִיט גָאט פַאר זֵיינֶע שְׁטַארְקֵהַייט,
נֵייעֶרְט עֶר פֶערזִיכֶערְט זִיךְ אוֹיף זֵיין
גְרוֹיסֶען רֵייכְטְהוּם, אוּנְד מַאכְט זִיךְ
שְׁטַארְק מִיט זֵיינֶע שֶׁענְדְלִיכֶע מַעֲשִׂים:
10 אָבֶּער אִיךְ בִּין אַזוי װִיא אַ גְרִינֶער
אֵיילְבֶּערְט־בּוֹים אִין דֶעם הוֹיז פוּן
גָאט, אִיךְ פֶערְזִיכֶער מִיךְ אוֹיף דֶעם
חֶסֶד פוּן גָאט, אִימֶער אוּנְד אֵייבִּיג:
11 אִיךְ װעל דִיר אֵייבִּיג דַאנְקֶען,
װָארִין דוּא הָאסְט עֶס גֶעטְהוּן, אוּנְד
אִיךְ װעל צוּ דֵיין נָאמֶען הָאפֶען,
װָארִין עֶר אִיז גוּט עֶנְטְקֶעגֶען דֵיינֶע
פְרוּמֶע:

תהלים נג

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף מַחֲלַת–אֵיינֶע
בֶּעטְרַאכְטוּנְג פוּן דָוִד:
2 דֶער נַאר הָאט גֶעזָאגְט אִין זֵיין
הַארְץ, עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין גָאט,
זֵייא זֶענֶען פֶערְדָארְבֶּען, אוּנְד הָאבֶּען
פֶערְאוּמְװִירְדִיגְט זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים, קֵיינֶער
טְהוּט גוּטֶעס:

3 יְהֹוָה קוּקְט אַרוֹפּ פוּן דֶעם הִימֶעל
אוֹיף דִיא מֶענְשֶׁען כְּדֵי צוּ זֶעהֶען אוֹיב
עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַיין קְלוּגֶער וָואס
זוּכְט גָאט :
4 זַייא הָאבֶּען אַלֶע צוּזַאמֶען אָפְּגֶע־
קֶעהְרְט זַייא זֶענֶען שְׁלֶעכְט גֶעוָוארֶען,
עֶס אִיז קֵיינֶער וָואס טְהוּט גוּטֶעס,
אוֹיךְ נִיט אֵיין אֵיינְצִיגֶער :
5 הָאבֶּען זַייא עֶס דֶען נִיט גֶעוְואוּסְט,
אַלֶע וָואס טְהוּן אוּמְרֶעכְט ? וָואס עֶסֶען
אוֹיף מֵיין פָאלְק אַזוֹי וִויא מֶען עֶסְט
בְּרוֹיט, יְהֹוָה הָאבֶּען זַייא נִיט אָנְ־
גֶערוּפֶען :
6 דָארְטֶען הָאבֶּען זַייא אַיין פָּארְכְט
גֶעפָּארְכְטֶען, אַוְואוּ קֵיין פָּארְכְט אִיז
נִיט גֶעוֶועזֶען, וָוארִין גָאט צוּשְׁפְּרֵייט
דִיא בֵּיינֶער פוּן דֵיינֶע בֶּעלַאגֶערֶער,
דוּא הָאסְט זַייא צוּ שַׁאנְד גֶעמַאכְט,
וַוייל גָאט הָאט זַייא פֶערְמִיאוּסְט :
7 וֶוער וָואלְט גֶעגֶעבֶּען אַז דִיא הִילְף
פַאר יִשְׂרָאֵל זָאל קוּמֶען אוֹיס צִיּוֹן ?
וֶוען גָאט וֶועט צוּרִיק בְּרֶענְגֶען דִיא
גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן זַיין פָאלְק, וֶועט
יַעֲקֹב פְרֵייליךְ זַיין, אוּנְד יִשְׂרָאֵל וֶועט
זִיךְ פְרֵייעֶן :

## תהלים נד

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף נְגִינוֹת–אֵיינֶע
בֶּעטְרַאכְטוּנְג פוּן דָוִד :
2 אַלְס דִיא זִיפִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, הָאט
זִיךְ נִיט דָוִד בֵּייא אוּנְס פֶערְבָּארְגֶען ?
3 אָ גָאט, דוּרְךְ דֵיין נָאמֶען הֶעלְף
מִיר, אוּנְד דוּרְךְ דֵיינֶע גְבוּרָה זָאלְסְט
דוּא מִיךְ רִיכְטֶען :
4 אָ גָאט, הֶער צוּ מֵיין תְּפִלָּה, פֶערְ־
נֶעם דִיא וֶוערְטֶער פוּן מֵיין מוֹיל :
5 וָוארִין פְרֶעמְדֶע זֶענֶען קֶעגֶען מִיר
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד טִירַאנֶען זוּכֶען
מֵיין נֶפֶשׁ, זַייא הָאבֶּען נִיט גָאט פַאר
זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט, סֶלָה :
6 זֶעה, גָאט אִיז מֵיין הֶעלְפֶער, דֶער
הַאר אִיז מִיט דִיא אוּנְטֶערְלֶעהְנֶער פוּן
מֵיין נֶפֶשׁ :
7 דָאס שְׁלֶעכְטֶע וֶועט עֶר צוּרִיק
קֶעהְרֶען צוּ מֵיינֶע לוֹיֶער (פֵיינְד) דוּרְךְ
דֵיינֶע טְרֵייהֵייט זָאלְסְט דוּא זַייא
צֶערשְׁטֶערֶען :
8 מִיט אֵיין נְדָבָה וֶועל אִיךְ צוּ דִיר
שֶׁעכְטֶען, אִיךְ וֶועל לוֹיבֶּען דֵיין נָאמֶען,
אָ יְהֹוָה, וָוארִין עֶר אִיז גוּט :
9 וָוארִין עֶר הָאט מִיךְ מַצִיל גֶעוֶועזֶען
פוּן אַלֶע צָרוֹת, אוּנְד אִין מֵיינֶע פֵיינְד
הָאט מֵיין אוֹיג אַ נְקָמָה גֶעזֶעהֶען :

## תהלים נה

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף נְגִינוֹת, אֵיינֶע
בֶּעטְרַאכְטוּנְג פוּן דָוִד :
2 פֶערְנֶעם, אָ גָאט, מֵיין תְּפִלָּה,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט פֶערְבָּארְגֶען
פַאר מֵיין גֶעבֶּעט :
3 הֶער מִיךְ צוּ אוּנְד עֶנְטְפֶער מִיר,
אִיךְ גֵייא אַרוּם אִין מֵיינֶע קְלָאג, אוּנְד
אִיךְ זִיפְץ :
4 וֶועגֶען דֶעם קוֹל פוּן דֶעם פֵיינְד,
וֶועגֶען דֶער דְרִיקוּנְג פוּן דֶעם רָשָׁע,
וָוארִין זַייא נֵייגֶען אוֹיף מִיר אוּמְרֶעכְט,
אוּנְד מִיט צָארְן הָאבֶּען זַייא מִיךְ
פֵיינְד :
5 מֵיין הַארְץ צִיטֶערְט אִין מִיר, אוּנְד
טוֹיט שְׁרֶעקֶענִים זֶענֶען אוֹיף מִיר
אַרוֹיפְגֶעפַאלֶען :
6 מוֹרָא אוּנְד צִיטֶערְנִים אִיז אִין מִיר
גֶעקוּמֶען, אוּנְד אֵיין שְׁרֶעקֶענִים הָאט
מִיךְ בֶּעדֶעקְט :
7 אוּנְד אִיךְ הָאב גֶעזָאגְט, וֶוען מֶען



וואלט

וָואלְט מִיר גֶעגֶעבֶּען פְלִיגֶעלְן וִויא אֵיינֶע
טױבּ, אַזוי וָואלְט אִיךְ גֶעפְלױגֶען אוּנְד
גֶערוּהְט :
8 זֶעה, אִיךְ וֶועל מִיךְ דֶערְוַוייטֶערְן
אַוֶועק צוּ פְלִיהֶען, אִיךְ וֶועל נֶעכְטִיגֶען
אִין דֶער מִדְבָּר, סֶלָה :
9 אִיךְ וָואלְט מִיךְ אֵיילֶען צוּ עֶנְטְ־
רִינֶען, פוּן דֶעם שְׁטַארְקֶען ווִינְד, פוּן
דֶעם שְׁטוּרְם ווִינְד :
10 פֶערְדַארְבּ זֵייא מֵיין הַאר, צוּטֵייל
זֵייעֶר צוּנְג, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען
רױבּ אוּנְד קְרִיג אִין דֶער שְׁטָאט :
11 טָאג אוּנְד נַאכְט רִינְגֶעלְן זֵייא
אַרוּם אויף אִיהְרֶע מויעֶרְן, אוּנְד אוּמְ־
רֶעכְט אוּנְד מִידִיגְקֵייט אִיז צְווִישֶׁען
זֵייא :
12 פֶערְדָארְבֶּענְהֵייט אִיז צְווִישֶׁען זֵייא,
פוּן אִיהְרֶע גַאסֶען וֶוערְט נִיט אָפְּ־
גֶעטְהוּן בֶּעדְרִיקוּנְג אוּנְד פַאלְשְׁקֵייט :
13 וָוארִין עֶס אִיז נִיט קֵיין פֵיינְד
וָואס לֶעסְטֶערְט מִיךְ, מֵיין שׂוֹנֵא הָאט
זִיךְ קֵיינְמָאל קֶעגֶען מִיר דֶערְהויבֶּען
דָאס אִיךְ זָאל מִיךְ פוּן אִיהְם (דַארְפֶען)
פֶערְבָּארְגֶען :
14 אָבֶּער דוּא (בִּיסְט) אֵיין מֶענְשׁ
וַויא מֵיין גְלֵייכֶען, מֵיין פְרֵיינְד אוּנְד
מֵיין בֶּעקַאנְטֶער :
15 מִיט וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ מִיךְ צוּ־
זַאמֶען פְרֵיינְדלִיךְ בֶּערָאטֶען, אוּנְד אִין
דֶעם הויז פוּן גָאט, זֶענֶען מִיר מִיט
דֶעם הויפֶען (פֶערְזַאמְלוּנְג) גֶעגַאנְגֶען :
16 לָאז זֵייא דֶער טויט פֶערְווִיסְטֶען,
דָאס זֵייא זָאלֶען לֶעבֶּעדִיג אִין דֶעם
שְׁאוֹל אַרוּפְּגְיֶערְן ; וָוארִין שְׁלֶעכְטֶעס
אִיז אִינְעֶווֵייגִיג אִין זֵייעֶרֶע ווְאוינוּנְגֶען :
17 אִיךְ וֶועל אָבֶּער צוּ גָאט רוּפֶען,
אוּנְד יְהֹוָה, וֶועט מִיר הֶעלְפֶען :
18 אִין אָבֶּענְד, אוּנְד אִין פְרִיה־
מָארְגֶען, אוּנְד אִין מִיטֶען טָאג וֶועל
אִיךְ קְלָאגֶען אוּנְד זִיפְצֶען, אוּנְד עֶר
וֶועט מֵיין קוֹל צוּהֶערֶען :
19 עֶר הָאט מֵיין נֶפֶשׁ אִין שָׁלוֹם
אויסְגֶעלֵייזְט פִיל מָאל פוּן דֶער מִלְחָמָה,
וָוארִין זֵייא זֶענֶען מִיט פִיל קֶעגֶען מִיר
גֶעוֶועזֶען :
20 גָאט וֶועט עֶס הֶערֶען, אוּנְד עֶר
וֶועט זֵייא אוּנְטֶערְטֶענִיג מַאכֶען, דֶער
וֶועלְכֶער פוּן דֶער אַלְטֶער צֵייט בְּלֵייבְּט,
סֶלָה ; דִיא צוּ וֶועלְכֶע עֶס אִיז קֵיינֶע
פֶערֶענְדֶערוּנְג דָא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
נִיט קֵיין מוֹרָא פַאר גָאט :
21 עֶר הָאט אויסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיינֶע
הֶענְד קֶעגֶען דִיא וָואס זֶענֶען מִיט
אִיהְם אִין שָׁלוֹם, עֶר הָאט זֵיין בְּרִית
פֶערשְׁוֶועכְט :
22 דִיא וֶוערְטֶער פוּן זֵיין מויל זֶענֶען
גְלַאטֶער ווִיא פוּטֶער, אָבֶּער קְרִיג אִיז
(אִין) זֵיין הַארְץ, זֵיינֶע וֶוערְטֶער זֶענֶען
ווֵייכֶער ווִיא בּוימְאֵייל, אָבֶּער זֵייא
זֶענֶען אָפֶּענֶע שְׁוֶוערְדֶען :
23 ווַארְף אויף יְהֹוָה דֵיינֶע לַאסְט,
אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ שְׁפֵּייזֶען, עֶר וֶועט
קֵיין מָאל נִיט צוּלָאזֶען דָאס דֶער
צַדִיק זָאל אָפְּגֶענֵייגְט וֶוערֶען :
24 אָבֶּער דוּא, אָ גָאט, דוּא וֶועסְט
זֵייא מַאכֶען אַרָאפְּגְיֶערְן צוּ דֶער גְרוּבּ
פוּן פֶערְדָארְבֶּענִיס ; בְּלוּטְשׁוּלְדִיגֶע
אוּנְד פַאלְשֶׁע מֶענְשֶׁען וֶועלֶען נִיט
אויסְלֶעבֶּען דִיא הֶעלְפְט פוּן זֵייעֶרֶע
טֶעג, אָבֶּער אִיךְ־אִיךְ פֶערְזִיכֶער מִיךְ
אויף דִיר :

תהלים נו

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אויף יוֹנַת־אֵלֶם
רְחוֹקִים־אֵיינֶע צִירוּנְג (מִכְתָּם) פוּן
דוד

דָוִד, אַלְס דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען אִיהְם
אָנְגֶענוּמֶען אִין גַת:
2 לַייטְזֶעלִיג מִיךְ אָ גָאט, וָוארִין דֶער
מֶענְשׁ ווִיל מִיךְ אַיינְשְׁלִינְגֶען, דֶער וָואס
הַאלְט מִיט מִיר מִלְחָמָה דֶעם גַאנְצֶען
טָאג, בֶּעצְווִינְגְט מִיךְ:
3 מֵיינֶע לוּגֶער (פֵיינְד) שְׁלִינְגֶען מִיךְ
אַיין דֶעם גַאנְצֶען טָאג, וָוארִין פִילֶע
הַאלְטֶען מִלְחָמָה קֶעגֶען מִיר מִיט
הויכְקֵייט:
4 אִין דֶעם טָאג וָואס אִיךְ הָאבּ מוֹרָא,
אַזוֹי פֶערְזִיכֶער אִיךְ מִיךְ אויף דִיר:
5 אִיךְ ווִיל גָאטְ'ס וָוארְט לויבֶּען, אִין
גָאט פֶערְזִיכֶער אִיךְ מִיךְ, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ קֵיין מוֹרָא, וָואס קֶען מִיר פְּלֵייש
טְהוּן?
6 דֶעם גַאנְצֶען טָאג מַאכֶען זֵייא
טְרוֹירִיג מֵיינֶע וֶוערְטֶער, אַלֶע זֵייעֶרֶע
מַחְשָׁבוֹת זֶענֶען מִיר, (שְׁלֶעכְטֶעס צוּ
טְהוּן):
7 זֵייא פֶערְזַאמֶעלְן זִיךְ, זֵייא בֶּעהַאלְטֶען זִיךְ, זֵייא הִיטֶען מֵיינֶע טְרִיט,
אַזוֹי ווִיא זֵייא וַוארְטֶען אויף מֵיין
נֶפֶשׁ:
8 פַאר דֶעם אוּנְרֶעכְט זָאלֶען זֵייא
נָאךְ עֶנְטְרִינֶען וֶוערֶען? אִין דֶעם צָארְן
בְּרֶענְג אַרוּנְטֶער דִיא פֶעלְקֶער אָ
גָאט!
9 דוּא צֵיילְסְט מֵיינֶע פֶערְוָואוּגְלוּנְג
(וַואנְדֶערוּנְג), טְהוּא מֵיינֶע טְרֶערֶען אִין
דֶעם לָאגֶעל (שְׁלויךְ), זֶענֶען זֵייא דֶען
נִיט אִין דֵיין בּוּךְ?
10 דֶענְסְטְמָאל וֶועלֶען זִיךְ מֵיינֶע פֵיינְד
אוּנְטֶער זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען אִין דֶעם
טָאג וֶוען אִיךְ רוּף; דָאס ווֵייס אִיךְ
דָאס גָאט אִיז מִיט מִיר:
11 אִיךְ וֶועל לויבֶּען גָאטְ'ס וָוארְט,
אִיךְ וֶועל לויבֶּען דָאס וָוארְט פוּן
יְהוָֹה:
12 אִין גָאט פֶערְזִיכֶער אִיךְ מִיךְ, אִיךְ
הָאבּ נִיט קֵיין מוֹרָא, וָואס קֶען מִיר אַ
מֶענְשׁ טְהוּן:
13 אָ גָאט, אויף מִיר זֶענֶען דֵיינֶע
נְדָרִים, אִיךְ וֶועל דִיר דַאנְקְ־אָפְּפֶער
בֶּעצָאהְלֶען:
14 וָוארִין דוּא הָאסְט מֵיין נֶפֶשׁ מַצִיל
גֶעוֶועזֶען פוּן טוֹיט; וֶועסְט דוּא נִיט
(אָפְּהִיטֶען) מֵיינֶע פִּיס פוּן אָנְשְׁטוֹיסֶען,
כְּדֵי פַאר גָאט צוּ גֵיין אִין דֶעם לִיכְט
פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע?

תהלים נז

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער פֶערְדַארְבּ נִיט (אַל
תַּשְׁחֵת)–אַיין מִכְתָּם (צִירוּנְג) פוּן דָוִד,
וֶוען עֶר אִיז עֶנְטְלָאפֶען פַאר שָׁאוּל אִין
דִיא הֵייל:
2 לַייטְזֶעלִיג מִיךְ אָ גָאט, לַייטְזֶעלִיג
מִיךְ, וָוארִין אִין דִיר בֶּעשִׁיצְט זִיךְ מֵיין
נֶפֶשׁ, אוּנְד אִין דֶעם שָׁאטֶען פוּן דֵיינֶע
פְלִיגֶעלְן וֶועל אִיךְ מִיךְ בֶּעשִׁיצֶען, בִּיז
דָאס פֶערְדַארְבֶּען וֶועט פֶערְבֵּייגֵיין:
3 אִיךְ רוּף צוּ גָאט, דֶעם הֶעכְסְטֶען,
צוּ גָאט וֶועלְכֶער מַאכְט אַיין עֶנְדֶע
(צוּ מֵיינֶע צָרוֹת):
4 עֶר וֶועט שִׁיקֶען פוּן דֶעם הִימֶעל,
אוּנְד עֶר וֶועט מִיר הֶעלְפֶען, וֶוען מֵיין
אַיינְשְׁלוּנְגֶער לֶעסְטֶערְט, סֶלָה; גָאט
וֶועט אַרוֹיסְשִׁיקֶען זֵיין חֶסֶד אוּנְד זֵיינֶע
וָוארְהֵייט
5 מֵיין נֶפֶשׁ אִיז צְווִישֶׁען לֵייבֶען, אִיךְ
לֵיג מִיךְ אַנִידֶער צְווִישֶׁען מֶענְשֶׁען־
קִינְדֶער (וָואס זֶענֶען) ווִיא פְלַאמֶען,
זֵייעֶרֶע צֵיין זֶענֶען שְׁפִּיזֶען אוּנְד פֵּיילֶען,
אוּנְד זֵייעֶר צוּנְג אִיז ווִיא אַ שַׁארְפֶעס
שְׁוֶוערְד:

6 דֶערְהֵייבּ דִיךְ גָאט אִיבֶּער דֶעם הִימֶעל, לָאז דַיין כָּבוֹד זַיין אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע עֶרְד:

7 זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעבְּרֵייט אַיין נֶעץ צוּ מֵיינֶע טְרִיט, מֵיין נֶפֶשׁ אִיז אַיינְגֶעבּוֹיגֶען, זַייא הָאבֶּען פַאר מִיר אַ גְרוּבּ גֶעגְרָאבֶּען, (אָבֶּער) זַייא זֶענֶען אִין אִיהְר אַרֵיינְגֶעפַאלֶען, סֶלָה:

8 מֵיין הַארְץ אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט אָ גָאט, מֵיין הַארְץ אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט, אִיךְ וֶועל זִינְגֶען אוּנְד שְׁפִּילֶען:

9 דֶערְוֶועק דִיךְ מֵיין כָּבוֹד, דֶערְוֶועק דִיךְ דוּא הַארְף אוּנְד פִידֶעל, אִיךְ וֶועל (אוֹיךְ) אַם פְרִיה־מָארְגֶען אוֹיפְוֶועקֶען:

10 אִיךְ וֶועל דִיךְ לוֹיבֶּען אוּנְטֶער דִיא פֶעלְקֶער, אָ הַאר, אִיךְ וֶועל צוּ דִיר זִינְגֶען אוּנְטֶער דִיא קֶענִיגְרֵייכֶען:

11 וָוארִין דַיין חֶסֶד אִיז גְרוֹיס בִּיז צוּ דֶעם הִימֶעל, אוּנְד דַיינֶע וָואהְרְהֵייט בִּיז צוּ דִיא וָואלְקֶענְס:

12 דֶערְהֵייבּ דִיךְ אִיבֶּער דֶעם הִימֶעל אָ גָאט, אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע עֶרְד זָאל זַיין דַיין כָּבוֹד:

## תהלים נח

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—פֶערְדַארְבּ נִיט (אַל תַּשְׁחֵת) אַיין מִכְתָּם פוּן דָוִד:

2 זֶענְט אִיהְר אִין אֶמֶת'ן שְׁטוּם, (דָאס אִיהְר נִיט) פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט רֶעדֶען זָאלְט? אוּנְד מִשְׁפָּט'ן רֶעכְטְפֶארְטִיגְקֵייט, אִיהְר מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער?

3 אַפִילוּ אִין דֶעם הַארְץ טְהוּט אִיהְר אוֹיךְ אוּמְרֶעכְט, אִין דֶעם לַאנְד וֶועגְט אִיהְר אוּם דִיא רוֹיבֶּערֵייא מִיט אֵיירֶע הֶענְד:

4 דִיא רְשָׁעִים זֶענֶען אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן מוּטֶער־לֵייבּ, דִיא וֶועלְכֶע רֶעדֶען פַאלְשׁ זֶענֶען פֶערְאִירְט פוּן מוּטֶער־לֵייבּ אָן:

5 זֵייעֶר גִיפְט אִיז גְלֵייךְ וִויא דֶער גִיפְט פוּן אַיין שְׁלַאנְג, אַזוֹי וִויא אֵיינֶע טוֹיבֶּע אָטֶערשְׁלַאנְג וָואס זַיין אוֹיעֶר אִיז פֶערשְׁטָאפְּט:

6 וָואס הֶערְט נִיט צוּ דֶעם קוֹל פוּן דִיא פָארְרֶעדֶער (בֶּעשְׁוֶוערֶער), אוּנְד צוּ דֶעם קְלִיגְסְטֶען בֶּעשְׁוֶוערֶער (צוֹיבֶּערֶער, מְכַשֵּׁף):

7 אָ גָאט, צוּבְּרֶעךְ זֵייעֶרֶע צֵיין אִין זֵייעֶר מוֹיל, צוּבְּרֶעךְ דִיא בַּאק־צֵיין פוּן דִיא בַּאק־צֵיין פוּן דִיא יוּנְגֶע לֵייבֶּען, אָ יְהוָֹה:

8 זַייא וֶועלֶען צוּגֵיין וִויא וַואסֶער וֶועלְכֶע פְלִיסֶען פִיר זִיךְ, וֶוען עֶר צִילְט זֵיינֶע פֵייל, לָאזֶען זַייא זַיין אַזוֹי וִויא צוּשְׁנִיטֶען:

9 לָאזֶען זַייא זַיין אַזוֹי וִויא אַ שְׁנֶעק וָואס צוּפְלִיסְט בֵּייא דֶעם אַרוּמְגֵיין, אַזוֹי וִויא אַיין נֶפֶל פוּן אַ וַייבּ, וֶועלְכֶע זֶעהֶען נִיט דִיא זוּן:

10 אֵיידֶער אֵיירֶע טֶעפּ קֶענֶען פִיהְלֶען דִיא דֶערְנֶער, וִויא רוֹיא (פְרִישׁ) אָדֶער אָנְגֶעבְּרֶענְט, אַזוֹי וֶועט עֶר זַייא אַוֶועקְנֶעמֶען דוּרְךְ אַ שְׁטוּרְמְוִוינְד:

11 דֶער צַדִיק וֶועט זִיךְ פְרֵייעֶן, וָוארִין עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען נְקָמָה, עֶר וֶועט זֵיינֶע טְרִיט וַואשֶׁען אִין דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם רָשָׁע:

12 אוּנְד דֶער מֶענְשׁ וֶועט זָאגֶען, יוֹא, דֶער צַדִיק וֶועט פְרוּכְט גֶענִיסֶען, יוֹא, עֶס אִיז דָאךְ דָא אַיין גָאט וֶועלְכֶער אִיז רִיכְטֶער (שׁוֹפְטִים) אוֹיף דֶער עֶרְד:

## תהלים נט

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—פֶערְדַארְבּ נִיט (אַל תַּשְׁחֵת)--אַיין מִכְתָּם פוּן דָוִד, אַלְס

שָׁאוּל הָאט גֶעשִׁיקְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
דָאס הויז גֶעהִיטֶען כְּדֵי אִיהְם, צוּ
טֵייטֶען:
2 אָ מֵיין גָאט, זֵייא מִיךְ מַצִיל פוּן
מֵיינֶע פֵיינְד! פוּן מֵיינֶע אוֹיפְשְׁטֶעהֶער
זָאלְסְט דוּא מִיךְ שְׁטַארְקֶען (שְׁטִיצֶען):
3 זֵייא מִיךְ מַצִיל פוּן דִיא וָואס
טְהוּן אוּמְרֶעכְט, אוּנְד פוּן בְּלוּט־שוּלְדִי־
גֶע מֶענְשֶׁען הֶעלְף מִיר אוֹיס:
4 וָוארִין זֶעה, זֵייא לוֹיעֶרֶען אוֹיף מֵיין
נֶפֶשׁ, דִיא שְׁטַארְקֶע פֶערְזַאמֶעלְן זִיךְ
אוֹיף מִיר, נִיט וֶועגֶען מֵיין פֶערבְּרֶעכֶען
אוּנְד נִיט וֶועגֶען מֵיינֶע זִינְד, אָ יְהוָֹה:
5 אָהְן מֵיין זִינְד לוֹיפֶען זֵייא אוּנְד
בְּרֵייטֶען זִיךְ צוּ, דֶערְוֶועק דִיךְ קֶעגֶען
מִיר, אוּנְד זֶעה עֶס:
6 אוּנְד דוּא יְהוָֹה, דֶער גָאט צְבָאוֹת,
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, דֶערְוֶועק דִיךְ צוּ
בֶּעשְׁטְרָאפֶען אַלֶע פֶעלְקֶער, זָאלְסְט
נִיט לֵייטְזֶעלִיגֶען אַלֶע פַאלְשֶׁע אוּמְגֶע־
רֶעכְטֶע, סֶלָה:
7 זֵייא קֶעהְרֶען זִיךְ צוּרִיק אִים אָבֶענְד,
וַייא בְּרוּמֶען אַזוֹי וִויא דֶער הוּנְד, אוּנְד
זֵייא רִינְגֶעלְן אַרוּם דִיא שְׁטָאט:
8 זֶעה, זֵייא רֶעדֶען מִיט זֵייעֶר מוֹיל,
שְׁוֶוערְדֶען זֶענֶען אִין זֵיירֶע לִיפֶּען,
וָוארִין (זֵייא זָאגֶען) וֶוער הֶערְט עֶס?
9 אָבֶּער דוּא, אָ יְהוָֹה, וֶועסְט פוּן זֵייא
לַאכֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט שְׁפָּאטֶען פוּן
אַלֶע גוֹיִם, (הֵיידֶען):
10 וֶועגֶען זֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט וֶועל אִיךְ
אוֹיף דִיר הַארֶען, וָוארִין גָאט אִיז
מֵיינֶע שְׁטַארקְהֵייט (פֶעסְטוּנְג):
11 דֶער גָאט פוּן מֵיין חֶסֶד וֶועט מִיר
עַנְטְקֶעגֶען קוּמֶען, גָאט וֶועט מִיר
וַוייזֶען (דִיא נְקָמָה) אַן מֵיינֶע פֵיינְד:
12 דוּא זָאלְסְט זֵייא נִיט הַרְגְנֶען, כְּדֵי מֵיין
פָאלְק זָאל דָאס נִיט פֶערְגֶעסֶען, מַאךְ
זֵייא פֶערְוָואגֶעלְן דוּרְךְ דֵיינֶע קְרַאפְט,
אוּנְד זָאלְסְט זֵייא נִיט אַרָאפְּנִידֶערְן אָ
הַאר, אוּנְזֶער בֶּעשִׁיצֶער:
13 (וֶועגֶען דִיא) זִינְד פוּן זֵייעֶר מוֹיל
אוּנְד דִיא רֵייד פוּן זֵיירֶע לִיפֶּען, לָאזֶען
זֵייא בֶּעצְוָואוּנְגֶען וֶוערֶען אִין זֵיירֶע
גַאוָה, אוּנְד וֶועגֶען דֶעם פְלוּכֶען אוּנְד
וֶועגֶען דִיא פַאלְשְׁקֵייט וָואס זֵייא דֶערְ־
צֵיילֶען:
14 פֶערְלֶענְד זֵייא אִים צָארְן, פֶערְלֶענְד
זֵייא, דָאס זֵייא זָאלֶען נִיט מֶעהְר זֵיין,
לָאזֶען זֵייא דֶערְקֶענֶען דָאס גָאט
גֶעוֶועלְטִיגְט אִין יַעֲקוֹב, בִּיז צוּ דֶעם
עֶנְד פוּן דֶער עֶרְד, סֶלָה:
15 אוּנְד זֵייא קֶעהְרֶען צוּרִיק אִים
אָבֶענְד, זֵייא בְּרוּמֶען אַזוֹי וִויא דֶער הוּנְד,
אוּנְד זֵייא רִינְגֶעלְן אַרוּם דִיא שְׁטָאט:
16 זֵייא וָואגֶעלְן אַרוּם נָאךְ עֶסֶען,
וֶוען זֵייא וֶוערֶען נִיט זַאט, אַזוֹי קְרִיגֶען
(שְׁרֵייעֶן) זֵייא:
17 אָבֶּער אִיךְ–אִיךְ וֶועל זִינְגֶען וֶועגֶען
דֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט, אוּנְד אַם פְרִיה־
מָארְגֶען וֶועל אִיךְ זִינְגֶען וֶועגֶען דֵיין
חֶסֶד, וָוארִין דוּא בִּיסְט צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען
אֵיינֶע פֶעסְטוּנְג, אוּנְד אֵיינֶע עַנְטְ־
רִינוּנְג אִין דֶעם טָאג וֶוען עֶס אִיז מִיר
עֶנְג גֶעוֶועזֶען:
18 אָ מֵיין שְׁטַארְקֶער, צוּ דִיר וֶועל
אִיךְ זִינְגֶען, וָוארִין גָאט אִיז מֵיינֶע
פֶעסְטוּנְג, דֶער גָאט פוּן מֵיין חֶסֶד:

## תהלים ס

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער–אוֹיף שׁוּשַׁן עֵדוּת–
אֵיין מִכְתָּם פוּן דָוִד–צוּ מַאכֶען
לֶערְנֶען:
2 אַלְס עֶר הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען
מִיט אֲרַם נַהֲרַיִם אוּנְד מִיט אֲרַם צוֹבָה,

אוּנְד יוֹאָב הָאט זִיךְ ווִידֶערגֶעקֶעהְרְט
אוּנְד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען פוּן אֶדוֹם אִין
דֶעם טְהָאל מֶלַח (זַאלְץ־טְהָאל) צְוֶועלְף
טוֹיזֶענְד :
3 אָ גָאט, דוּא הָאסְט אוּנְס פֶערְ־
לָאזֶען, דוּא הָאסְט אוּנְס צוּבְּרָאכֶען,
דוּא הָאסְט גֶעצָארְנְט, דוּא זָאלְסְט
אוּנְס (ווִידֶער) דֶערקְווִיקֶען :
4 דוּא הָאסְט דָאס לַאנְד גֶעמַאכְט
צִיטֶערְן, דוּא הָאסְט זִיא צוּשְׁפָּאלְטֶען,
אָ הֵייל אִיהְרֶע צוּבְּרֶעכוּנְגֶען, ווָארִין
זִיא ווֶערְט אָפְּגֶענֵייגְט :
5 דוּא הָאסְט גֶעווִיזֶען דֵיין פָאלְק
שְׁווֶערֶעס, דוּא הָאסְט אוּנְס אָנְגֶע־
טְרוּנְקֶען מִיט טוּמֶעל־ווַיין :
6 דוּא הָאסְט גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא ווָאס
פָארְכְטֶען זִיךְ פַאר דִיר אַיין פָאהְן
זִיךְ צוּ דֶערְהֵייבֶּען פַאר דִיא ווָאהְר־
הֵייט, סֶלָה :
7 פוּן ווֶעגֶען דָאס דֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע
זָאלֶען גֶערַאטֶעוֶועט ווֶערֶען, אָ הֶעלְף
מִיט דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד עֶנְטְפֶער
מִיר :
8 גָאט הָאט דוּרְךְ זַיין הֵיילִיגֶען גֶע־
רֶעט, אִיךְ ווֶעל דַארִיבֶּער פְרֵיילִיךְ
זַיין,–אִיךְ ווֶעל שְׁכֶם צוּטֵיילֶען, אוּנְד
דָאס טְהָאל סֻכּוֹת ווֶעל אִיךְ אוֹיסְ־
מֶעסְטֶען :
9 גִלְעָד אִיז מֵיין, אוּנְד מְנַשֶּׁה אִיז
מֵיין, אוּנְד אֶפְרַיִם אִיז דִיא שְׁטַארְק־
הֵייט פוּן מֵיין קָאפּ, יְהוּדָה אִיז מֵיין
מְחוֹקֵק (גֶעזֶעצְגֶעבֶּער) :
10 מוֹאָב אִיז מֵיין ווַאשׁ־טָאפּ, אוֹיף
אֱדוֹם ווֶעל אִיךְ ווַארְפֶען מֵיין שִׁיךְ,
פְּלֶשֶׁת, שַׁאלְט מִיר צוּ :
11 ווֶער ווֶעט מִיךְ אַרֵיינבְּרֶענְגֶען אִין
דִיא פֶעסְטֶע שְׁטָאט ? ווֶער ווֶעט מִיךְ
פִיהְרֶען בִּיז נָאךְ אֱדוֹם ?
12 בִּיזְט דוּא עֶס נִיט, אָ גָאט, ווָאס
דוּא הָאסְט אוּנְס פֶערְלָאזֶען ? אוּנְד
דוּא גָאט גֵייסְט נִיט אַרוֹיס מִיט אוּנְ־
זֶערֶע הֶערְשַׁארֶען (חַיָּלוֹת) :
13 גִיבּ אוּנְס הִילְף פוּן דֶעם פֵיינְד,
ווָארִין דִיא הִילְף פוּן דֶעם מֶענְשׁ אִיז
פַאלְשׁ :
14 מִיט גָאט ווֶעלֶען מִיר אוּנְס שְׁטַארְק
מַאכֶען, אוּנְד עֶר ווֶעט אוּנְזֶערֶע בֶּעדְ־
לֵיידִיגֶער צוּטְרֶעטֶען :

## תהלים סא

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער–אוֹיף נְגִינַת–פוּן דָוִד :
2 הֶער אָ גָאט, מֵיין גֶעשְׁרֵייא, פֶערְ־
נֶעם מֵיין תְּפִלָּה :
3 פוּן דֶעם עֶנְד פוּן דֶער עֶרְד ווֶעל
אִיךְ צוּ דִיר רוּפֶען, ווֶען מֵיין הַארְץ
אִיז פֶערְשְׁמַאכְט, אוֹיף אֵיין פֶעלְזֶען
ווָאס עֶר אִיז הֶעכֶער פוּן מִיר, זָאלְסְט
דוּא מִיךְ פִיהְרֶען :
4 ווָארִין דוּא בִּיזְט גֶעווֶעזֶען צוּ מִיר
אֵיינֶע בֶּעשִׁיצוּנְג, אֵיין שְׁטַארְקֶער טוּרְם
פַאר דֶעם פֵיינְד :
5 אִיךְ ווֶעל אֵייבִּיגְלִיךְ אִין דֵיין
גֶעצֶעלְט ווְאוֹינֶען, אִיךְ ווֶעל מִיךְ בֶּע־
שִׁיצֶען אִין דִיא פֶערְבָּארְגֶענִים פוּן
דֵיינֶע פְלִיגֶעלְן, סֶלָה :
6 ווָארִין דוּא אָ גָאט, הָאסְט צוּגֶע־
הֶערְט צוּ מֵיינֶע נְדָרִים, דוּא הָאסְט
גֶעגֶעבֶּען אַ יְרוּשָּׁה צוּ דִיא ווָאס
הָאבֶּען מוֹרָא פַאר דֵיין נָאמֶען :
7 דוּא ווֶעסְט פֶערְמֶעהְרֶען דִיא טֶעג
פוּן דֶעם קֶענִיג, זֵיינֶע יָאהְרֶען זָאלֶען
ווִיא פוּן דוֹר צוּ דוֹר :
8 עֶר ווֶעט אֵייבִּיג בְּלֵייבֶּען פַאר גָאט,
חֶסֶד אוּנְד אֶמֶת זָאלְסְט דוּא אָנְבְּרֵיי־
טֶען, דָאס זֵייא זָאלֶען אִיהְם הִיטֶען :

9 אַזוֹי װֶעל אִיךְ אֵייבִּיג זִינְגֶען צוּ
דַיין נָאמֶען, אוּנְד װֶעל בֶּעצָאלֶען מֵיינֶע
נְדָרִים אַלֶע טָאג׃

תהלים סב

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף יְדוּתוּן—אֵיין
גֶעזַאנְג פוּן דָוִד׃
2 נָאר צוּ גָאט שְׁװַייגְט מֵיין נֶפֶשׁ
שְׁטִיל, װָארִין פוּן אִיהְם אִיז מֵיינֶע
הִילְף׃
3 נָאר עֶר אִיז מֵיין פֶעלְזֶען אוּנְד
מֵיינֶע הִילְף, מֵיינֶע פֶעסְטוּנְג; אִיךְ
װֶעל נִיט פִיל אָפְּגֶעגֵייגְט װֶערֶען׃
4 בִּיז װִיא לַאנְג װֶעט אִיהְר (זוּכֶען)
פֶערְדַארְבוּנְג אוֹיף אַ מֶענְשׁ? אִיהְר
װֶעט אַלֶע עֶרְמָארְדֶעט װֶערֶען, װִיא
אֵיינֶע אָפְּגֶעגֵייגְטֶע װַאנְד, װִיא אֵיינֶע
פֶערְשְׁטוֹיסֶענֶע מוֹיעֶר׃
5 זֵייא הַאלְטֶען אֵיין עֵצָה נָאר װִיא
אִיהְם צוּ פֶערְשְׁטוֹיסֶען פוּן זֵיינֶע
הוֹיכְקֵייט; זֵייא בֶּעװִילִיגֶען לִיגֶען, מִיט
דֶעם מוֹיל בֶּענְשֶׁען זֵייא, אוּנְד
אִינֶעװֵייניג (אִין הַארְץ) פְלוּכֶען זֵייא,
סֶלָה׃
6 נָאר צוּ גָאט זֵייא שְׁטִיל מֵיין נֶפֶשׁ,
װָארִין פוּן אִיהְם אִיז מֵיינֶע הָאפֶענוּנְג׃
7 נָאר עֶר אִיז מֵיין פֶעלְזֶען אוּנְד
מֵיינֶע הִילְף, מֵיינֶע פֶעסְטוּנְג, אִיךְ
װֶעל נִיט אָפְּגֶעגֵייגְט װֶערֶען׃
8 בֵּייא גָאט אִיז מֵיינֶע הִילְף אוּנְד
מֵיין כָּבוֹד; מֵיין שְׁטַארְקֶער פֶעלְזֶען,
מֵיינֶע בֶּעשִׁיצוּנְג אִיז אִין גָאט׃
9 פֶערְזִיכֶערְט אֵייךְ אוֹיף אִיהְם אִין
אַלֶע צֵייטֶען, אָ פָאלְק, גִיסְט אוֹיס
פַאר אִיהְם אֵיירֶע הֶערְצֶער, גָאט אִיז
אוּנְזֶערֶע בֶּעשִׁיצוּנְג, סֶלָה׃
10 דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער זֶענֶען נָאר
נַארִישְׁקֵייט אוּנְד לִיגֶען װֶען מֶען דִיא
קִינְדֶער (פוּן פָארְנֶעמֶע) מֶענְשֶׁען אַרוֹיפְ־
לֵייגְט אוֹיף דִיא װָאגְשָׁאלֶען זֶענֶען זֵייא
װֵייניגֶער װִיא גָאר נִיט׃
11 פֶערְזִיכֶערְט אֵייךְ נִיט אוֹיף רוֹיב,
אוּנְד בֶּענַארִישְׁט אֵייךְ נִיט אִין גְזֵלָה,
װֶען רֵייכְקֵייט װַאקְסְט, אַזוֹי טְהוּט נִיט
אֵייעֶר הַארְץ אוֹיף דֶעם׃
12 אֵיין מָאל הָאט גָאט גֶערֶעט,
צְװֵייא מָאל הָאבּ אִיךְ דָאס גֶעהֶערְט,
דָאס שְׁטַארְקְהֵייט גֶעהֶערְט צוּ גָאט׃
13 אוּנְד צוּ דִיר אָ יְהוָֹה, אִיז דֶער
חֶסֶד, װָארִין דוּא בֶּעצָאהְלְסְט צוּ יֶעדֶען
מֶענְשׁ נָאךְ זֵיינֶע מַעֲשִׂים׃

תהלים סג

1 אֵיין גֶעזַאנְג פוּן דָוִד—װֶען עֶר אִיז
גֶעװֶעזֶען אִין דֶער מִדְבָּר יְהוּדָה׃
2 אָ גָאט, דוּא בִּיזְט מֵיין גָאט, אִיךְ
װֶעל דִיךְ פְרִיה זוּכֶען; מֵיין נֶפֶשׁ אִיז
דָארְשְׁטִיג צוּ דִיר, מֵיין לֵייבּ גְלוּסְט
נָאךְ דִיר, אִין אֵיין טְרוּקֶען אוּנְד מִידֶען
לַאנְד, װְאוּ קֵיין װַאסֶער אִיז נִיט דָא׃
3 אַזוֹי װִיא אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעזֶעהֶען
אִין הֵיילִיגְקֵייט, אַזוֹי דוּרְשְׁט אִיךְ צוּ זֶע־
הֶען דֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט אוּנְד דֵיין כָּבוֹד׃
4 װֵייל דֵיין חֶסֶד אִיז בֶּעסֶער אַלְס
לֶעבֶּען, דַארוּם װֶעלֶען דִיךְ מֵיינֶע
לֶעפְצֶען לוֹיבֶּען׃
5 אַזוֹי װֶעל אִיךְ דִיךְ בֶּענְשֶׁען אִין
מֵיין לֶעבֶּען, אִין דֵיין נָאמֶען װֶעל אִיךְ
מֵיינֶע הֶענְד אוֹיפְהֵייבֶּען׃
6 מֵיין נֶפֶשׁ װֶערְט גֶעזֶעטִיגְט װִיא פוּן
שְׁמַאלְץ אוּנְד פֶעטְקֵייט, אוּנְד מִיט
לֶעפְצֶען פוּן גֶעזַאנְג װֶעט דִיךְ מֵיין
מוֹיל לוֹיבֶּען׃
7 װֶען אִיךְ גֶעדֶענְק דִיךְ אוֹיף מֵיין
גֶעלֶעגֶער, אִין דִיא נַאכְט װַאכֶען
טְרַאכְט אִיךְ װֶעגֶען דִיר׃

8 וָוארִין דוּא בִּיזְט צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען
אַיין הִילְף, אוּנְד אִין דֶעם שָׁאטֶּען פוּן
דַיינֶע פְלִיגְלֶען וֶועל אִיךְ זִינְגֶען:
9 מֵיין נֶפֶשׁ הָאט זִיךְ אִין דִיר בֶּע־
הֶעפְט, דֵיינֶע רֶעכְטֶע אַנְד הָאט מִיךְ
אוּנְטֶערְגֶעלֶעהְנְט:
10 וֶוען זֵייא וֶועלֶען זוּכֶען מֵיין נֶפֶשׁ
צוּ פֶערְוִויסְטֶען, וֶועלֶען זֵייא אַרוּפּ־
נִידֶערְן אִין דֶעם אָפְּגְרוּנְד פוּן דֶער
עֶרְד:
11 זֵייא וֶועלֶען פַאלֶען דוּרְךְ דֶעם
שְׁוֶוערְד, זֵייא וֶועלֶען זַיין אַיין טֵייל
פַאר דִיא פוּקְסֶען:
12 אָבֶּער דֶער קֶענִיג וֶועט זִיךְ פְרֵייעֶן
אִין גָאט, יֶעדֶער וָואס שְׁוֶוערְט בֵּייא
אִיהְם וֶועט זִיךְ רִיהְמֶען, וָוארִין דָאס
מויל פוּן דִיא וָואס רֶעדֶען פַאלְשׁ, וֶועט
פֶערשְׁטָאפְּט וֶוערֶען:

## תהלים סד

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער,—אַיין גֶעזַאנְג פוּן
דָוִד:
2 אָ גָאט, הֶער צוּ מֵיין קוֹל אִין מֵיין
קְלָאגֶען, פַאר דֶער מוֹרָא פוּן דֶעם
פֵיינְד זָאלְסְט דוּא מֵיין לֶעבֶען הִיטֶען:
3 דוּא זָאלְסְט מִיךְ פֶערְבָּארְגֶען פוּן
דֶעם סוֹד פוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע (מֶענְשֶׁען),
פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן דִיא וָואס
טְהוּן אוּנְרֶעכְט:
4 וָועלְכֶע הָאבֶּען זֵייעֶר צוּנְג גֶע־
שַׁארְפְט וִויא אַיין שְׁוֶוערְד, זֵייא הָאבֶּען
גֶעטְרָאגֶען (גֶעשְׁפַּאנְט) זֵייעֶרֶע פַיילֶען,
(אוּנְד רֶעדֶען) גִיפְטִיגֶע וֶוערְטֶער:
5 כְּדֵי צוּ שִׁיסֶען אִים פֶערְבָּארְגֶענֶעם
דֶעם אוּנְשׁוּלְדִיגֶען, זֵייא שִׁיסֶען אִיהְם
פְּלוּצְלִינְג, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען קֵיין
מוֹרָא:
6 זֵייא מַאכֶען שְׁטַארְק דָאס שְׁלֶעכְטֶע
וָוארְט, זֵייא רֶעדֶען זִיךְ אָפּ, זִיךְ צוּ
בֶּעהַאלְטֶען בֵּייא גֶעצֶען, אוּנְד זֵייא
זָאגֶען, וֶוער וֶועט דָאס זֶעהֶען?
7 זֵייא זוּכֶען אוֹיס אוּנְגֶערֶעכְטִיג־
קֵייטֶען, מִיר זֶענֶען פַארְטִיג, עֶס אִיז
גוּט אוֹיסְגֶעזוּכְט (אוֹסְגֶעטְרַאכְט), אוּנְד
דָאס אִינֶעוֶוייניגְסְטֶע פוּן יֶעדֶען מֶענְשׁ
אוּנְד דָאס הַארְץ אִיז טִיף:
8 אָבֶּער גָאט וַוארְפְט אוֹיף זֵייא אַיין
פַייל, פְּלוּצְלִינְג אִיז גֶעוֶועזֶען זֵייעֶרֶע
וְואוּנְדֶען:
9 אוּנְד זֵייעֶרֶע אֵיינֶענֶע צוּנְגֶען מַאכֶען
זֵייא שְׁטְרוֹיכְלֶען, אַלֶע וֶועלְכֶע זֶעהֶען
זֵייא פֶערְוָואגְלֶען זִיךְ (לוֹיפֶען אַוֶועק):
10 אוּנְד אַלֶע מֶענְשֶׁען פָארְכְטֶען זִיךְ,
אוּנְד זֵייא דֶערְצֵיילֶען דִיא מַעֲשִׂים פוּן
גָאט, אוּנְד קְלִיגֶען זִיךְ פוּן זֵיינֶע
מַעֲשִׂים:
11 דֶער צַדִיק וֶועט זִיךְ פְרֵייעֶן אִין
יְהוָֹה, אוּנְד וֶועט זִיךְ בֶּעשִׁיצֶען אוֹיף
אִיהְם, אוּנְד אַלֶע וָואס הָאבֶּען רֶעכְט־
פַארְטִיגֶע הֶערְצֶער וֶועלֶען זִיךְ אִין
אִיהְם רִיהְמֶען:

## תהלים סה

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער,—אַיין גֶעזַאנְג פוּן
דָוִד, אַיין שִׁיר (לִיד):
2 גָאט, מֶען לוֹיבְּט דִיךְ אִין דֶער
שְׁטִיל אִין צִיוֹן, אוּנְד צוּ דִיר וֶוערְט
גֶעצָאהְלְט אַיין נֶדֶר:
3 אָ דוּא וָואס הֶערְסְט צוּ דִיא תְּפִלָּה!
צוּ דִיר וֶועלֶען אַלֶע מֶענְשֶׁען קוּמֶען:
4 דִיא אוּנְגֶערֶעכְטִיגֶע וֶוערְטֶער זֶענֶען
שְׁטַארְקֶער פוּן מִיר, אוּנְזֶערֶע זִינְד
וֶועסְט דוּא מְכַפֵּר זַיין:
5 וְואוֹיל אִיז דֶעם וֶועלְכֶען דוּא
וֵויילְסְט אוֹיס, אוּנְד דוּא מַאכְסְט אִיהְם
צוּ דִיר גֶענֶעהֶענְט, דָאס עֶר זָאל

וְואוינֶען אִין דַיין הויף, מִיר וֶועלֶען
זַאט וֶוערֶען פוּן דֶעם גוּטֶען פוּן דַיין
הויז, פוּן דִיא הֵיילִיגְקֵייט פוּן דַיין
פַּאלַאסְט:
6 מִיט פָארְכְטִיגֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
זָאלְסְט דוּא אוּנְס עֶנְטְפֶערְן, אָ גָאט
פוּן אוּנְזֶערֶע הִילְף, דִיא פֶערְזִיכֶערוּנְג
פוּן אַלֶע עֶנְדֶען פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד
פוּן דִיא וֵוייטֶע יַמִים:
7 עֶר בֶּעפֶעסְטִיגְט דִיא בֶּערְג מִיט
זַיין כּוֹחַ, עֶר אִיז אָנְגֶעגִירְט מִיט
שְׁטַארְקְהֵייט:
8 עֶר שְׁטִילְט דִיא רוישׁוּנְג פוּן דִיא
יַמִים, דִיא רוישׁוּנְג פוּן זֵייעֶרֶע אִינְדֶען
(וֶועלְלֶען), אוּנְד דָאס גֶעטוּמֶעל פוּן דִיא
פֶעלְקֶער:
9 אוּנְד עֶס פָארְכְטֶען זִיךְ, דִיא וָואס
וְואוינֶען אִין דִיא עֶנְדֶען (פוּן דֶער
וֶועלְט) פַאר דַיינֶע וְואוּנְדֶערְצֵייכֶען,
אוּנְד דִיא אויסְגַאנְגֶען פוּן מָארְגֶען
אוּנְד אָבֶענְד מַאכְסְט דוּא זִינְגֶען:
10 דוּא הָאסְט גֶעדֶענְקְט אַן דִיא עֶרְד
אוּנְד דוּא הָאסְט זִיא אָנְגֶעטְרוּנְקֶען,
דוּא הָאסְט זִיא זֶעהְר רַייךְ גֶעמַאכְט,
דִיא טַייכֶען פוּן גָאט זֶענֶען פוּל מִיט
וַואסֶער, דוּא הָאסְט אָנְגֶעבְּרֵייט זֵייעֶר
קָארְן, וָוארִין אַזוֹי הָאסְט דוּא זִיא
(דִיא עֶרְד) צוּגֶעבְּרֵייט:
11 דוּא טְרִינְקְסְט אָן אִיהְרֶע בֶּעטֶען
(בֶּערְגְלֶעךְ), דוּא מַאכְסְט גְרָאד אִיהְר
גֶעאַקֶערְטֶעס, דוּא מַאכְסְט זִיא וֵוייךְ
דוּרְךְ שְׁפְּרֵייא־רֶעגֶען, דוּא בֶּענְשְׁסְט
אִיהְרֶע שְׁפְּרָאצוּנְגֶען:
12 דוּא הָאסְט גֶעקְרֵיינְט דָאס יָאהְר
מִיט דַיין גוּטֶעס, אוּנְד דַיינֶע שְׁטֶעגֶען
טְרִיפֶען מִיט פֶעטְקֵייט:
13 עֶס טְרִיפֶען דִיא גְרָאז־פְּלֶעצֶער
פוּן דֶער מִדְבָּר, אוּנְד מִיט פְרֵייד
גוּרְטֶען זִיךְ אָן דִיא הִיגֶעלְן (בֶּערְגְלֶעךְ):
14 דִיא גְרָאז־פְּלֶעצֶער קְלֵיידֶען זִיךְ
אָן מִיט שָׁאף, אוּנְד דִיא טְהָאלֶען
זֶענֶען אַיינְגֶעוִויקֶעלְט מִיט קָארְן
(תְּבוּאָה), זֵייא שַׁאלֶען אוּנְד זֵייא
זִינְגֶען אויךְ:

## תהלים סו

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער־אַיין לִיד, אַיין
גֶעזַאנְג—שַׁאלְט צוּ גָאט דִיא גַאנְצֶע
עֶרְד (וֶועלְט):
2 זִינְגְט דֶעם כָּבוֹד פוּן זַיין נָאמֶען,
מַאכְט הֶערְלִיךְ זַיין לוֹיב!
3 זָאגְט צוּ גָאט, וִויא פָארְכְטִיג זֶענֶען
דַיינֶע מַעֲשִׂים, וֶועגֶען דַיינֶע גְרויסֶע
שְׁטַארְקְהֵייט, צוּ דִיר וֶועלֶען זִיךְ דַיינֶע
פַיינְד וִוילֶענְדִיג אוּנְטֶערְגֶעבֶּען:
4 אַלֶע לֶענְדֶער וֶועלֶען זִיךְ צוּ דִיר
בִּיקֶען, אוּנְד וֶועלֶען צוּ דִיר זִינְגֶען;
זֵייא וֶועלֶען זִינְגֶען צוּ דַיין נָאמֶען,
סֶלָה:
5 קוּמְט אוּנְד זֶעהְט דִיא וֶוערְק פוּן
גָאט, פָארְכְטִיג אִיז זַיין טְהוּן אִיבֶּער
דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער:
6 עֶר הָאט דָאס יַם פֶערְקֶעהְרְט צוּ
טְרוּקֶענְהֵייט, דוּרְךְ דֶעם טַייךְ זֶענֶען
זֵייא צוּ פוּס גֶעגַאנְגֶען, דָארְטֶען הָאבֶּען
מִיר זִיךְ מִיט אִיהְם גֶעפְרֵייט:
7 עֶר גֶעוֶועלְטִיגְט אֵייבִּיג דוּרְךְ זַיינֶע
גְבוּרָה, זַיינֶע אויגֶען קוּקֶען אויף דִיא
גוֹיִם, דִיא אָפְּקֶעהְרֶער דַארְפֶען נִיט
דֶערְהוֹיבֶּען וֶוערֶען, סֶלָה:
8 בֶּענְשְׁט אִיהְר פֶעלְקֶער אוּנְזֶער
גָאט, מַאכְט הֶערֶען דָאס קוֹל פוּן זַיין
לוֹיב:
9 וָואס עֶר הָאט אוּנְזֶער נֶפֶשׁ אִין
לֶעבֶּען גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט נִיט

צוּגֶעלָאזְט דָאס אוּנְזֶערֶע פִיס זָאלֶען אָפְּגֶענֵייגְט וֶוערֶען:

10 וָוארִין אָ גָאט, דוּא הָאסְט אוּנְס גֶעפְּרוּפְט, דוּא הָאסְט אוּנְס גֶעלֵייטֶערְט אַזוֹי וִויא מֶען לֵייטֶערְט זִילְבֶּער:

11 דוּא הָאסְט אוּנְס גֶעבְּרַאכְט אִין אֵיינֶע פֶעסְטוּנְג (נֶעץ), דוּא הָאסְט אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט אֵיין דְרִיקוּנְג אוֹיף אוּנְזֶערֶע לֶענְדֶען:

12 דוּא הָאסְט גֶעמַאכְט מֶענְשֶׁען אִיבֶּער אוּנְזֶער קָאפּ רֵייטֶען, מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין פֵייעֶר אוּנְד אִין וַואסֶער, אָבֶּער דוּא הָאסְט אוּנְס אַרוֹיסְגֶענוּמֶען צוּ דֶערְקְוִויקוּנְג:

13 אִיךְ וֶועל מִיט עוֹלוֹת (בְּרַאנְד־אָפְּפֶער) אִין דֵיין הוֹיז קוּמֶען, אִיךְ וֶועל דִיר בֶּעצָאהְלֶען מֵיינֶע נְדָרִים:

14 אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ מֵיינֶע לֶעפְּצֶען גֶעעֶפֶענְט, אוּנְד וִויא מֵיין מוֹיל הָאט גֶערֶעט וֶוען עֶס אִיז מִיר עֶנְג גֶעוֶועזֶען:

15 אִיךְ וֶועל דִיר פֶעטֶע עוֹלוֹת אוֹיפְבְּרֶענְגֶען, מִיט קְטוֹרֶת פוּן וִוידֶערְס (בַּארַאנֶעס), אִיךְ וֶועל מַאכֶען (קָרְבָּנוֹת) פוּן רִינְדֶער אוּנְד בֶּעק, סֶלָה!

16 קוּמְט, הֶערְט צוּ אִיהְר אַלֶע גָאטְ'ס פָארְכְטִיגֶע־אִיךְ וֶועל דֶערְצֵיילֶען וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ מֵיין נֶפֶשׁ:

17 אִיךְ הָאבּ צוּ אִיהְם גֶערוּפֶען מִיט מֵיין מוֹיל, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶערְהוֹיבֶּען מִיט מֵיינֶע צוּנְג:

18 וֶוען אִיךְ וָואלְט גֶעזֶעהֶען אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִין מֵיין הַארְץ, אַזוֹי וָואלְט מִיךְ יְהֹוָה נִיט גֶעהֶערְט:

19 אָבֶּער גָאט הָאט יוֹא גֶעהֶערְט, עֶר הָאט פֶערְנוּמֶען דָאס קוֹל פוּן מֵיין תְּפִלָּה:

20 גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאט, וָועלְכֶער הָאט נִיט אָפְּגֶעטְהוּן מֵיין תְּפִלָּה אוּנְד זֵיין חֶסֶד פוּן מִיר:

## תהלים סז

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף נְגִינוֹת־אֵיין לִיד צוּם זִינְגֶען:

2 אָ גָאט, לֵייטְזֶעלִיג אוּנְס אוּנְד בֶּענְשׁ אוּנְס, אוּנְד מַאךְ זֵיין פָּנִים אִיבֶּער אוּנְס לֵייכְטֶען, סֶלָה:

3 דָאס מֶען זָאל דֵיין וֶועג אוֹיף דֶער עֶרְד דֶערְקֶענֶען, אוּנְטֶער אַלֶע גוֹיִם דֵיינֶע הִילְף:

4 אָ גָאט, דִיךְ וֶועלֶען פֶעלְקֶער לוֹיבֶּען, אַלֶע פֶעלְקֶער וֶועלֶען דִיךְ לוֹיבֶּען:

5 דִיא פֶעלְקֶער וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן אוּנְד זִינְגֶען, וָוארִין דוּא וֶועסְט רִיכְטֶען דִיא פֶעלְקֶער מִיט רֶעכְטפֶארְטִיגְקֵייט, אוּנְד דוּא וֶועסְט פִיהְרֶען דִיא אוּמוֹת אוֹיף דֶער עֶרְד, סֶלָה:

6 אָ גָאט, דִיךְ וֶועלֶען פֶעלְקֶער לוֹיבֶּען, אַלֶע פֶעלְקֶער וֶועלֶען דִיךְ לוֹיבֶּען:

7 דִיא עֶרְד וֶועט אִיהְר פְרוּכְט גֶעבֶּען, גָאט, אוּנְזֶער גָאט וֶועט אוּנְס בֶּענְשֶׁען:

8 גָאט וֶועט אוּנְס בֶּענְשֶׁען, אוּנְד אַלֶע עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד וֶועלֶען פַאר אִיהְם מוֹרָא הָאבֶּען:

## תהלים סח

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער פוּן דָוִד־אֵיין לִיד צוּם זִינְגֶען:

2 גָאט וֶועט זִיךְ אוֹיפְשְׁטֶעלֶען, זֵיינֶע פֵיינְד וֶועלֶען זִיךְ צוּשְׁפְּרֵייטֶען, אוּנְד זֵיינֶע שׂוֹנְאִים וֶועלֶען פַאר זֵיין אָנְגֶעזִיכְט אַנְטְלוֹיפֶען:

3 אַזוֹי וִויא דֶער רוֹיךְ וֶוערְט פֶערְשְׁטוֹיסֶען, אַזוֹי וֶועסְט דוּא זֵייא פֶערְשְׁטוֹיסֶען, אַזוֹי וִויא וַואקְס וֶוערְט

צוּשְׁמָאלְצֶען פַאר דֶעם פֵייעֶר, אַזוֹי
װעלֶען דִיא רְשָׁעִים פַאר גָאט פֶערְלוֹיר־
רֶען װערֶען:
4 אָבֶּער דִיא צַדִיקִים װעלֶען זִיךְ
פְרֵייעֶן אוּנְד װעלֶען פְרֵייליךְ זַיין פַאר
גָאט, אוּנְד װעלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן מִיט
שִׂמְחָה:
5 זִינְגְט צוּ גָאט, לוֹיבְּט זַיין נָאמֶען,
מַאכְט אֵיין װעג פַאר דֶעם װאס רֵייט
דוּרְךְ דִיא װיסְטֶענִיס, יָהּ אִיז זַיין
נָאמֶען, אוּנְד פְרֵייט אֵייךְ פַאר אִיהְם:
6 עֶר אִיז אַ פָאטֶער פוּן יְתוֹמִים,
אוּנְד אֵיין (דַיָן) רִיכְטֶער פוּן אַלְמָנוֹת,
גָאט אִיז אִין זַיינֶע הֵיילִיגֶע װאוֹינוּנְג:
7 אֵיין גָאט, װעלְכֶער מַאכְט דִיא
אֵיינְזַאמֶע צוּ אֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד בֶּעװאוֹי־
נֶען (עֶר גִיבְּט זֵייא קִינְדֶער), עֶר
פִיהְרְט אַרוֹיס דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע מִיט
רֶעכְטפַארְטִיגְקֵייט, אָבֶּער דִיא אָפְּקֶעהְ־
רֶער מוּזֶען בְּלֵייבֶּען װיסְט (דַארְקֵייט):
8 אָ גָאט, װען דוּא בִּיסְט פַאר דֵיין
פָאלְק אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, װען דוּא הָאסְט
גֶעטְרֶעטֶען דוּרְךְ דִיא װיסְטֶענִישׁ, סֶלָה:
9 אַזוֹי הָאט דִיא עֶרְד גֶעצִיטֶערְט,
אֲפִילוּ דִיא הִימֶעל הָאבֶּען גֶעטְרִיפְט
פַאר גָאט, דֶער (בַּארְג) סִינַי הָאט
גֶעצִיטֶערְט פַאר גָאט, דֶעם גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל:
10 אֵיין רֶעגֶען פוּן בֶּעװילִיגוּנְג, הָאסְט
דוּא, גָאט גֶעמַאכְט אוֹיסְזוּפֶען (רִינֶען),
אוּנְד אַז דֵיין עֶרְבְּטְהֵייל אִיז מִיד
גֶעװארֶען, הָאסְט דוּא עֶס פֶעסְטְגֶע־
שְׁטֶעלְט, (אוֹיפְגֶערִיכְט):
11 דֵיינֶע גֶעמֵיינְדֶע הָאבֶּען דַארִין
גֶעװאוֹינְט, דוּא הָאסְט אוֹיפְגֶערִיכְטֶעט
מִיט דֵיינֶע גוּטְקֵייט דֶעם אָרֶעמֶען:
12 דֶער הַאר הָאט גֶעגֶעבֶּען דָאס
װארְט, אוּנְד דִיא אָנְזָאגֶערִינְס זֶענֶען
אִין גְרוֹיסֶע הֶערְשַׁארֶען גֶעװעזֶען:
13 דִיא קֶענִיגֶע פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען,
װערֶען גִיךְ פֶערְװאגֶעלְט, אוּנְד דִיא
הוֹיז־בֶּעװאוֹינֶערִין, טְהֵיילְט אוֹיס דֶעם
רוֹיב:
14 װען אִיהְר לִיגְט אֲפִילוּ צְװִישֶׁען
דִיא הֶערְדֶען (שְׁטַאלֶעס) (דָאךְ) גְלַאנְצְט
אִיהְר אַזוֹי װִיא דִיא פְלִיגֶעל פוּן אֵיין
טוֹיב בֶּעדֶעקְט מִיט זִילְבֶּער, אוּנְד
אִיהְרֶע פֶעדֶערְן מִיט גְרִינְלִיכֶען גִינְגָאלְד:
15 װען דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער הָאט אִין
אִיהְר דִיא קֶענִיגֶע פֶערשְׁפְּרֵייט, אִיז
עֶס גֶעװעזֶען (לִיכְטִיג) װִיא שְׁנֵייא אוֹיף
דֶעם בַּארְג צַלְמוֹן (אָדֶער אִין דִיא
פִינְסְטֶערְנִיס):
16 דֶער בַּארְג פוּן גָאט אִיז דֶער
בַּארְג פוּן בָּשָׁן, אֵיין הוֹיכְשְׁפִּיצִיגֶער
אִיז דֶער בַּארְג בָּשָׁן:
17 װארוּם שְׁפְּרִינְגְט אִיהְר אָדֶער
(לוֹיעֶרְט) אִיהְר הוֹיכְשְׁפִּיצִיגֶע בֶּערְג
קֶעגֶען דֶעם בַּארְג, װעלְכֶען גָאט הָאט
גֶעגְלוּסְט צוּ זַיין זִיצוּנְג (װאוֹינָארְט),
אַװאוּ יְהֹוָה װעט אוֹיךְ אֵייבִּיג װאוֹינֶען:
18 דִיא רֵייטְװעגֶען פוּן גָאט זֶענֶען
צְװֵייא מָאל צֶעהְנְטוֹיזֶענְד, טוֹיזֶענְדֶער
מָאל טוֹיזֶענְד, דֶער הַאר אִיז אוּנְטֶער
זֵייא אִין דֶעם הֵיילִיגֶען סִינַי:
19 דוּא בִּיזְט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער
הֵייךְ, דוּא הָאסְט גֶעפַאנְגֶען דִיא גֶע־
פַאנְגֶענֶע; דוּא הָאסְט גֶענוּמֶען מַתָּנוֹת
פַאר דִיא מֶענְשֶׁען, אוּנְד אוֹיךְ פַאר
דִיא אָפְּקֶעהְרֶער, דָאס יָהּ, דֶער גָאט
זָאל אוּנְטֶער זֵייא װאוֹינֶען:
20 גֶעלוֹיבְּט אִיז יְהֹוָה, טָאג פִיר טָאג,
עֶר בֶּעלַאסְטֶעט אוּנְס (אָדֶער עֶר
טְרָאגְט אוּנְזֶערֶע לַאסְט), עֶר אִיז דֶער



גאט

גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע הִילְף, סֶלָה׃
21 דֶער גָאט אִיז פַאר אוּנְס אַיין
גָאט כְּדֵי צוּ הֶעלְפֶען, אוּנְד בַּייא יְהוָֹה
גָאט, זֶענֶען דִיא אוֹיסְגֶענְגֶע פוּן טוֹיט׃
22 פַארְוָואהְר, גָאט וֶועט צוּשְׁלָאגֶען
דֶעם קָאפּ פוּן זַיינֶע פַיינְד, דֶעם
הָארִיגֶען שַׁייטֶעל פוּן דֶעם וָואס גֵייט
אַרוּם אִין זַיינֶע זִינְד׃
23 דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, פוּן בָּשָׁן
וֶועל אִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען, פוּן דִיא
טִיפֶענִים פוּן דֶעם יַם וֶועל אִיךְ
צוּרִיקְקֶעהְרֶען׃
24 פוּן וֶועגֶען דוּא זָאלְסְט דַיינֶע
פִיס אַיינְטוּנְקֶען אִין דֶעם בְּלוּט, אוּנְד
(דָאס בְּלוּט) פוּן דִיא פַיינְד זָאלֶען דִיא
צוּנְג פוּן דַיינֶע הִינְד (לֶעקֶען)׃
25 זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דַיינֶע גֶענְג,
אָ גָאט!—דִיא גֶענְג פוּן מֵיין גָאט, מֵיין
קֶענִיג, אִין דֶעם הֵיילִיגְטְהוּם׃
26 דִיא זִינְגֶער גֵייעֶן פָארְאוֹיס, דֶערְ־
נָאךְ דִיא שְׁפִּילֶער אוּנְד אִין מִיטֶען
דִיא יוּנְגְפְרוֹיעֶן וֶועלְכֶע פוֹיקֶען׃
27 אִין דִיא פֶערְזַאמְלוּנְגֶען לוֹיבְּט
גָאט דֶעם הַאר, אִיהְר (וָואס אִיהְר
זַייט) פוּן דֶעם קְוַואל פוּן יִשְׂרָאֵל׃
28 דָארְטֶען אִיז בִּנְיָמִין דֶער יוּנְגְסְטֶער
פוּן זַייעֶר גֶעוֶועלְטִיגֶער, דִיא אוֹיבֶּערְ־
שְׁטֶע פוּן יְהוּדָה מִיט זַייעֶרֶע פֶערְזַאמְלוּנְג,
דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן זְבוּלוּן, דִיא
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן נַפְתָּלִי׃
29 דַיין גָאט הָאט זַיינֶע שְׁטַארְקֶע
גֶעבָּאטֶען, מַאךְ שְׁטַארְק אָ גָאט,
וָוארִין דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דַיינֶע וֶוערְק׃
30 וֶועגֶען דַיין פַּאלַאסְט וָואס אִיז
אִין יְרוּשָׁלַיִם, וֶועלֶען דִיר מְלָכִים
מַתָּנוֹת בְּרֶענְגֶען׃
31 שְׁרֵייא אָן אוֹיף דִיא חַיּוֹת וֶועלְכֶע
זֶענֶען אִין רָאהְר, דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג
פוּן דִיא אָקְסֶען מִיט דִיא קֶעלְבֶּער
פוּן דִיא פֶעלְקֶער, וֶועלְכֶע פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען
זִיךְ פוּן וֶועגֶען זִילְבֶּער, צוּשְׁפְּרֵייט דִיא
פֶעלְקֶער וֶועלְכֶע בֶּעגֶעהְרֶען מִלְחָמוֹת׃
32 עֶס וֶועלֶען קוּמֶען דִיא חַשְׁמוֹנִים
פוּן מִצְרַיִם; כּוּשׁ וֶועט מַאכֶען לוֹיפֶען
(אוֹיסְצוּשְׁטְרֶעקֶען) זַיינֶע הֶענְד, צוּ
גָאט׃
33 אִיהְר קֶענִיגְרַייכֶען פוּן דֶער עֶרְד
זִינְגְט צוּ יְהוָֹה, סֶלָה׃
34 צוּ דֶעם וֶועלְכֶער רַייט אִין דִיא
הִימֶעלְן, וָואס זֶענֶען פוּן דֶער אַלְטֶער
צַייט, זֶעה, עֶר שְׁרֵייט מִיט זַיין קוֹל,
מִיט דֶעם שְׁטַארְקֶען קוֹל׃
35 גֶעבְּט שְׁטַארְקְהַייט (כָּבוֹד) צוּ גָאט,
זַיינֶע גְרוֹיסְקַייט אִיז אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד זַיינֶע שְׁטַארְקְהַייט אִיז אִין דִיא
הִימֶעלְן׃
36 דוּא אָ גָאט, בִּיזְט פָארְכְטֶערְלִיךְ
פוּן דַיינֶע הֵיילִיגֶע עֶרְטֶער, דוּא גָאט
פוּן יִשְׂרָאֵל, עֶר גִיבְּט שְׁטַארְקְהַייט
אוּנְד קְרַאפְט צוּ דֶעם פָאלְק, גֶעלוֹיבְּט
אִיז גָאט׃

## תהלים סט

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף שׁוֹשַׁנִּים—פוּן
דָוִד׃
2 הֶעלְף מִיר, אָ גָאט! וָוארִין דָאס
וַואסֶער אִיז גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֶעם
נֶפֶשׁ (זֶעעֶלֶע)׃
3 אִיךְ בִּין גֶעזוּנְקֶען אִין דֶעם זוּמְפִּי־
גֶען לַיים, אוּנְד עֶס אִיז נִיט דָא קַיין
בֶּעשְׁטַאנְד, אִיךְ בִּין אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין
דִיא טִיפֶענִים פוּן דֶעם וַואסֶער, אוּנְד
דֶער שְׁטְרָאם הָאט מִיךְ פֶערְפְלֵייצְט׃
4 אִיךְ בִּין מִיד גֶעוָוארֶען אִין מֵיין
שְׁרֵייעֶן, מֵיין הַאלְז אִיז פֶערְטְרִיקֶענְט,

מַיינֶע אויגֶען זֶענֶען פַֿערלֶענְט, וַוארְ־
טֶענְדִיג אויף מַיין גָאט׃
5 מֵיינֶע אוּמְזִיסְטֶע שׂוֹנְאִים זֶענֶען
מֶעהְר אַלְס דִיא הָאר פוּן מַיין קָאפּ,
מֵיינֶע פֶערשְׁנַיידֶער זֶענֶען שְׁטַארְק,
זַייא זֶענֶען אוּמְזִיסְט מֵיינֶע פֵיינְד,
אוּנְד אַפִילוּ וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט גֶע־
גַּזְלְת מוּז אִיךְ דֶענְסְטְמָאל צוּרִיקְגֶעבֶּען׃
6 אָ גָאט, דוּא ווייסְט מֵיין אוּנְרֶעכְט,
אוּנְד מֵיינֶע שׁוּלְדֶען זֶענֶען פוּן דִיר
נִיט פֶערְבָּארְגֶען׃
7 לָאזֶען דָאךְ דוּרְךְ מִיר נִיט פֶערְ־
שֶׁעמְט וֶוערֶען דִיא וָואס הָאפֶען אויף
דִיר, אָ הַאר, גָאט פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען,
לָאזֶען דָאךְ דוּרְךְ מִיר נִיט צוּ שַׁאנְדֶען
וֶוערֶען, דִיא וָואס זוּכֶען דִיךְ, אָ גָאט
פוּן יִשְׂרָאֵל׃
8 וָוארִין פוּן דֵיינֶעט וֶועגֶען הָאבּ אִיךְ
חֶרְפָּה פֶערטְרָאגֶען, שַׁאנְד הָאט מֵיין
פָּנִים בֶּעדֶעקְט׃
9 אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען פְרֶעמְד צוּ מֵיינֶע
בְּרִידֶער, אוּנְד וַויא אֵיין אוּנְבֶּעקַאנְטֶער
צוּ דִיא זִיהְן פוּן מֵיינֶע מוּטֶער׃
10 וָוארִין דִיא קִנְאָה פַאר דֵיין הויז
הָאט מִיךְ אויפְגֶעגֶעסֶען, אוּנְד דִיא
לֶעסְטֶערוּנְג פוּן דֵיינֶע לֶעסְטֶערֶער
זֶענֶען אויף מִיר גֶעפַאלֶען׃
11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מֵיין נֶפֶשׁ אויסְ־
גֶעוויינְט אִין פַאסְטֶען, אוּנְד דָאס אִיז
מִיר (נָאךְ) צוּ אַ שַׁאנְד גֶעוֶועזֶען׃
12 אוּנְד אִיךְ הָאבּ פַאר מֵיין קְלֵייד
אָנְגֶעטְהוּן אֵיין זַאק, אוּנְד אִיךְ בִּין צוּ
זַייא גֶעוָוארֶען צוּ אֵיין מָשָׁל׃
13 עֶס רֶעדֶען וֶועגֶען מִיר דִיא וָואס
זִיצֶען אִין דֶעם טויעֶר, אוּנְד (אִיבֶּער
מִיר) זִינְגֶען דִיא וֶועלְכֶע טְרִינְקֶען
שְׁטַארְקֶע גֶעטְרֶענְק׃
14 אָבֶּער אִיךְ, מֵיינֶע תְּפִלָּה אִיז צוּ
דִיר, אָ יְהוָה, אִין דֶער צֵייט פוּן בֶּע־
ווילִיגוּנְג, אָ גָאט, מִיט דֵיין גְרויסֶען
חֶסֶד זָאלְסְט דוּא מִיר עֶנְטְפֶערְן מִיט
דֵיינֶע אֱמֶתֶע הִילְף׃
15 זַייא מִיךְ מַצִּיל פוּן דֶעם לֵיים
דָאס אִיךְ זָאל נִיט זִינְקֶען, דָאס אִיךְ
זָאל נִיצוֹל וֶוערֶען פוּן מֵיינֶע פֵיינְד,
אוּנְד פוּן דִיא טִיפֶע וַואסֶערְן׃
16 לָאז מִיךְ נִיט דֶער וַואסֶער שְׁטְרָאם
פֶערפְלֵייצֶען, אוּנְד לָאז מִיךְ נִיט דִיא
טִיפֶענִים אֵיינְשְׁלִינְגֶען, אוּנְד לָאז נִיט
דֶער בְּרוּנֶען אויף מִיר זַיין מויל
(עֶפֶענוּנְג) פֶערשְׁלִיסֶען׃
17 עֶנְטְפֶער מִיר, אָ יְהוָה, וָוארִין דֵיין
חֶסֶד אִיז גוּט, אִין דֵיינֶע גְרויסֶע
דֶערְבַּארְמוּנְג, קֶעהְר דִיךְ צוּ מִיר׃
18 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְבָּארְגֶען
דֵיין פָּנִים פוּן דֵיין קְנֶעכְט, וָוארִין מִיר
אִיז עֶנְג, גִיךְ זָאלְסְט דוּא מִיר
עֶנְטְפֶערְן׃
19 גֶענֶעהֶן דִיךְ צוּ מֵיין נֶפֶשׁ, דֶערְלֵייז
זִיא! פוּן וֶועגֶען מֵיינֶע פֵיינְד דֶערְלֵייז
מִיךְ׃
20 דוּא ווייסְט מֵיינֶע חֶרְפָּה, אוּנְד
מֵיינֶע שַׁאנְד אוּנְד מֵיין שְׁמַאךְ, פַאר
דִיר זֶענֶען אַלֶע מֵיינֶע בֶּעלֵיידִיגֶער׃
21 דִיא חֶרְפָּה הָאט מֵיין הַארְץ
צוּבְּרָאכֶען, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעפֶעהְרְלִיךְ
קְרַאנְק גֶעוָוארֶען, אִיךְ הָאבּ גֶעהָאפְט
בֶּעדויעֶרְט צוּ וֶוערֶען, אָבֶּער עֶס אִיז
נִיט דָא, אוּנְד אויף טְרֵייסְטֶער, אָבֶּער
אִיךְ הָאבּ (זַייא) נִיט גֶעפוּנֶען׃
22 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִין מֵיינֶע
שְׁפֵּייז גִיפְט גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד אִין מֵיין
דָארְשְׁט הָאבֶּען זַייא מִיר גֶעגֶעבֶּען
עֶסִיג צוּ טְרִינְקֶען׃

23 לָאז זֵייעֶר טִישׁ צוּ זֵייא וֶוערֶען
אַיין גֶעץ, צוּ אֵיינֶע בֶּעצָאלוּנְג אוּנְד
צוּ אַיין שְׁטְרוֹיכְלוּנְג :
24 זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זָאלֶען זֵייא פֶערְ־
פִינְסְטֶערְט וֶוערֶען פוּן צוּ זֶעהֶען, אוּנְד
זֵייעֶרֶע לֶענְדֶען זָאלֶען שְׁטֶענְדִיג וַואנְקֶען,
(שְׁטְרוֹיכְלֶען) :
25 גִיס אוֹיס אִיבֶּער זֵייא דֵיין צָארְן,
אוּנְד דֵיין גְרִימְצָארְן זָאל זֵייא גְרֵייכֶען :
26 לָאזֶען זֵייעֶרֶע פַּאלַאסְטֶען פֶערְוִויסְט
וֶוערֶען, אִין זֵייעֶרֶע גֶעצֶעלְטֶען זָאל נִיט
זַיין קֵיין בֶּעוְואוינֶער :
27 וָוארִין וֶועלְכֶען דוּא הָאסְט גֶע־
שְׁלָאגֶען יָאגֶען זֵייא נָאךְ, אוּנְד פוּן
דִיא וֵוייטָאג פוּן דֵיינֶע פֶערְוְואוּנְדֶעטֶע
דֶערְצֵיילֶען זֵייא :
28 גִיבּ שְׁטְרָאף אוֹיף זֵייעֶרֶע זִינְד,
אוּנְד לָאזֶען זֵייא נִיט קוּמֶען צוּ דֵיינֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט :
29 זֵייא זָאלֶען אוֹיסְגֶעמֶעקְט וֶוערֶען
פוּן דֶעם בּוּךְ פוּן לֶעבֶּען, אוּנְד מִיט
דִיא צַדִיקִים זָאלֶען זֵייא נִיט אֵיינְגֶע־
שְׁרִיבֶּען וֶוערֶען :
30 אִיךְ בִּין אָבֶּער אָרֶעם אוּנְד מִיט
שְׁמֶערְצֶען, דֵיינֶע הִילְף, אָ גָאט, זָאל
מִיךְ שְׁטַארְקֶען (אָדֶער דֶערְהֵייבֶּען) :
31 אִיךְ וֶועל דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט
לוֹיבֶּען מִיט אַיין גֶעזַאנְג, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אִיהְם גְרוֹיס הַאלְטֶען מִיט דַאנְק־
לִידֶער :
32 אוּנְד דָאס וֶועט פַאר יְהוָֹה בֶּעסֶער
זַיין, אַלְס אַ יוּנְגֶער אָקְס מִיט הֶערְנֶער
אוּנְד גֶעשְׁפָּאלְטֶענֶע קְלוֹיעֶן :
33 דִיא פְרוּמֶע (דֶעמוּטְהִיגֶע) וֶועלֶען
עֶס זֶעהֶען אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ
פְרֵייעֶן, דִיא וֶועלְכֶע פָארְשֶׁען גָאט,
אוּנְד אֵייעֶר הַארְץ וֶועט אוֹיפְלֶעבֶּען :
34 וָוארִין (גָאט) יְהוָֹה הֶערְט צוּ צוּ
דִיא נוֹיטְבֶּעדַארְפְטִיגֶע, אוּנְד זֵיינֶע
גֶעפַאנְגֶענֶע פֶערְשֶׁעהְמְט עֶר נִיט :
35 עֶס וֶועלֶען אִיהְם לוֹיבֶּען הִימֶעל
אוּנְד עֶרְד, דִיא יַמִים אוּנְד אַלֶעס
וָואס קְרִיכְט אִין זֵייא :
36 וָוארִין גָאט וֶועט הֶעלְפֶען צִיוֹן,
אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיפְבּוֹיעֶן דִיא שְׁטֶעט
פוּן יְהוּדָה, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דָארְט
וְואוֹינֶען אוּנְד וֶועלֶען זֵייא יַרְשֶׁנֶען :
37 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן זֵיינֶע
קְנֶעכְט וֶועלֶען זֵייא עֶרְבֶּען, אוּנְד דִיא
וָואס לִיבֶּען זַיין נָאמֶען וֶועלֶען דַארִין
וְואוֹינֶען :

## תהלים ע

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער,—פוּן דָוִד צוּם
גֶעדֶענְקֶען :
2 אָ גָאט, (אֵיילֶע) מִיךְ מַצִיל צוּ זַיין,
אָ יְהוָֹה, אֵיילֶע צוּ מֵיינֶע הִילְף :
3 זֵייא וֶועלֶען פֶערְשֶׁעמְט אוּנְד צוּ
שַׁאנְדֶע וֶוערֶען, דִיא וָואס זוּכֶען מֵיין
נֶפֶשׁ, זֵייא וֶועלֶען זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען
אוּנְד פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען, דִיא וָואס
בֶּעגֶעהְרֶען מֵיין שְׁלֶעכְטֶעס :
4 לָאזֶען זֵייא צוּרִיקְקֶעהְרֶען וֶועגֶען
זֵייעֶר שַׁאנְד, דִיא וָואס זָאגֶען הָאח !
הָאח ! (אוֹי וֵוייא, אוֹי וֵוייא) :
5 עֶס זָאלֶען זִיךְ אִין דִיר פְרֵייעֶן אוּנְד
פְרֵייליךְ זַיין אַלֶע וָואס זוּכֶען דִיךְ,
אוּנְד לָאזֶען דִיא וֶועלְכֶע הָאבֶּען לִיבּ
דֵיינֶע הִילְף שְׁטֶענְדִיג זָאגֶען, גָאט אִיז
גְרוֹיס :
6 אָבֶּער אִיךְ בִּין אָרֶעם אוּנְד בֶּע־
דַארְפְטִיג, אָ גָאט, אֵיילֶע צוּ מִיר !
דוּא בִּיזְט מֵיין הֶעלְפֶער אוּנְד מֵיין
עֶנְטְרִינֶער, אָ יְהוָֹה, פֶערְזָאם דִיךְ
נִיט :

## תהלים עא

1 אִין דִיר, אָ יְהוָֹה, בֶּעשִׁיץ אִיךְ מִיךְ, לָאז מִיךְ אֵייבִּיג נִיט פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען:

2 אִין דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט זַייא מִיךְ מַצִיל, אוּנְד מַאךְ מִיךְ עֶנְטְרִינֶען, נֵייג צוּ מִיר דֵיין אוֹיעֶר אוּנְד הֶעלְף מִיר:

3 זָאלְסְט צוּ מִיר זַיין אַיין פֶעלְזֶען־וְואוֹינוּנְג, כְּדֵי שְׁטֶענְדִיג צוּ קוּמֶען, דוּא הָאסְט גֶעבָּאטֶען מִיר צוּ הֶעלְפֶען; וָוארִין דוּא בִּיזְט מֵיין פֶעלְזֶען אוּנְד מֵיינֶע פֶעסְטוּנְג:

4 מֵיין גָאט, מַאךְ מִיךְ עֶנְטְרִינֶען פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם רָשָׁע, פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם אוּמְגֶערֶעכְטֶען אוּנְד אוּנְטֶערְדְרִיקֶער:

5 וָוארִין דוּא בִּיזְט מֵיינֶע הָאפֶענוּנְג, אָ הַאר גָאט! מֵיינֶע פֶערְזִיכֶערוּנְג פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד אָן:

6 אוֹיף דִיר הָאבּ אִיךְ מִיךְ אָנְגֶעלֶעהְנְט פוּן מוּטֶער־לֵייבּ אָן, דוּא הָאסְט מִיךְ אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען פוּן מֵיין מוּטֶער'ס לֵייבּ, אִין דִיר אִיז שְׁטֶענְדִיג מֵיין לוֹיבּ:

7 אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא אַיין וְואוּנְדֶער צוּ פִילֶע, אָבֶּער דוּא בִּיזְט מֵיינֶע שְׁטַארְקֶע בֶּעשִׁיצוּנְג:

8 מֵיין מוֹיל וֶועט פוֹל זַיין מִיט דֵיין לוֹיבּ, דֶעם גַאנְצֶען טָאג–פוּן דֵיינֶע שֵׁיינְקֵייט (הֶערְלִיכְקֵייט):

9 דוּא זָאלְסְט מִיךְ נִיט פֶערְוַוארְפֶען אִין דֶער צַייט פוּן מֵיין עֶלְטֶער! וֶוען מֵיינֶע קְרַאפְט וֶועט זִיךְ עֶנְדִיגֶען זָאלְסְט דוּא מִיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען:

10 וָוארִין מֵיינֶע פֵיינְד רֶעדֶען פוּן מִיר, אוּנְד דִיא וָואס וַוארְטֶען אוֹיף מֵיין נֶפֶשׁ בֶּערָאטֶען זִיךְ צוּזַאמֶען:

11 אוּנְד זָאגֶען גָאט הָאט אִיהְם פֶערְלָאזֶען, יָאגְט אִיהְם נָאךְ אוּנְד חַאפְּט אִיהְם, וָוארִין עֶס אִיז נִיט דָא וֶוער עֶס זָאל אִיהְם מַצִיל זַיין:

12 אָ גָאט, דֶערְוַוייטֶער דִיךְ נִיט פוּן מִיר, מֵיין גָאט אַיילֶע צוּ מֵיינֶע הִילְף:

13 זַייא זָאלֶען פֶערְשֶׁעמְט אוּנְד פֶערְלֶענְט וֶוערֶען, דִיא וָואס הַאסֶען מֵיין נֶפֶשׁ, זַייא זָאלֶען בֶּעדֶעקְט זַיין מִיט שְׁמַאךְ אוּנְד שַׁאנְד, דִיא וָואס זוּכֶען מֵיין שְׁלֶעכְטֶעס:

14 אָבֶּער אִיךְ וֶועל שְׁטֶענְדִיג הָאפֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל דֵיין גַאנְצֶען לוֹיבּ פֶערְמֶעהְרֶען:

15 מֵיין מוֹיל וֶועט דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דֶערְצֵיילֶען, דֶעם גַאנְצֶען טָאג (וֶועגֶען) דֵיינֶע הִילְף, וָוארִין אִיךְ קֶען זַייא נִיט דֶערְצֵיילֶען:

16 אִיךְ וֶועל קוּמֶען אִין שְׁטַארְקְהֵייט פוּן דֶעם הַאר יְהוָֹה, אִיךְ וֶועל דֶערְמַאנֶען דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט,–דִיךְ אַלֵיין:

17 אָ גָאט, דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעלֶערְנְט פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד אָן, אוּנְד בִּיז אַצוּנְד דֶערְצֵייל אִיךְ דֵיינֶע וְואוּנְדֶער:

18 אוּנְד אוֹיךְ בִּיז אִין דֶער עֶלְטֶער אוּנְד גְרֵייז, זָאלְסְט דוּא מִיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען אָ גָאט, בִּיז אִיךְ וֶועל דֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט דֶערְצֵיילֶען צוּ דֶעם דוֹר, צוּ אַלֶע וָואס וֶועלֶען קוּמֶען (וֶועל אִיךְ דֶערְצֵיילֶען) פוּן דֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט:

19 אוּנְד דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אָ גָאט, גְרֵייכְט בִּיז אִין דֶער הֵייךְ; וְוייל דוּא הָאסְט גְרוֹיסְקֵייט גֶעטְהוּן, אָ גָאט, וֶוער אִיז גְלֵייךְ צוּ דִיר?

20 וֶוען דוּא הָאסְט מִיךְ אַפִּילוּ גֶעלָאזְט זֶעהֶען פִיל צָרוֹת אוּנְד אוּמְגְלִיקֶען, דָאךְ וֶועסְט דוּא מִיךְ ווִידֶער

דֶערקְוִויקֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט מִיךְ
פוּן דִיא אָפְּגְרִינְדֶען פוּן דֶער עֶרְד
ווִידֶער אַרוֹיפבְּרֶענְגֶען :
21 דוּא וֶועסְט פֶערְמֶעהְרֶען מֵיין
גְרוֹיסְקַייט, אוּנְד דוּא וֶועסְט מִיךְ
אַרוּמְרִינְגֶעלְן מִיט טְרַייסְט :
22 אִיךְ וֶועל דִיךְ אוֹיךְ לוֹיבֶּען מִיט
אֵיין פִּידֶעל, וֶועגֶען דֵיין אֱמֶת, אָ גָאט,
אִיךְ וֶועל צוּ דִיר מִיט אֵיין הַארְף
שְׁפִּילֶען, אָ דוּא הֵיילִיגֶער פוּן יִשְׂרָאֵל :
23 מֵיינֶע לֶעפְצֶען וֶועלֶען צוּ דִיר
זִינְגֶען וֶוען אִיךְ וֶועל צוּ דִיר שְׁפִּילֶען ;
אֲפִילוּ מֵיין נֶפֶשׁ (וֶועט זִינְגֶען) וָואס
דוּא הָאסְט אוֹיסְגֶעלֵייזְט :
24 אוֹיךְ מֵיינֶע צוּנְג וֶועט דֶעם
גַאנְצֶען טָאג רֶעדֶען פוּן דֵיינֶע גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט, וָוארִין דִיא וֶועלְכֶע זוּכֶען
מֵיין אוּמגְלִיק, זֶענֶען פֶערְשֶׁעמְט אוּנְד
צוּשַׁאנְדֶען גֶעוָוארֶען :

## תהלים עב

1 פוּן שְׁלוֹמֹה—אָ גָאט, גִיבּ דֵיינֶע
מִשְׁפָּטִים צוּ דֶעם קֶענִיג, אוּנְד דֵיינֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ דֶעם קֶענִיגְ'ס זוּהְן :
2 עֶר וֶועט דֵיין פָאלְק רִיכְטֶען מִיט
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד דֵיינֶע אָרֶעמֶע
מִיט מִשְׁפָּט :
3 דִיא בֶּערְג וֶועלֶען צוּ דֶעם פָאלְק
שָׁלוֹם בְּרֶענְגֶען (אָדֶער אוֹיפְהֵייבֶען),
אוּנְד דִיא הִיגֶעלְן דוּרְךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט :
4 עֶר וֶועט מִשְׁפָּטְ'ן דִיא אָרֶעמֶע
פוּן דֶעם פָאלְק, עֶר וֶועט הֶעלְפֶען דִיא
קִינְדֶער פוּן דִיא בֶּעדֶערְפְטִיגֶע, אָבֶער
דֶעם בֶּעדְרִיקֶער וֶועט עֶר צוּשְׁטוֹיסֶען :
5 מֶען וֶועט פַאר דִיר מוֹרָא הָאבֶען
אַזוֹי לַאנְג ווִיא דִיא זוּן אִיז דָא, אוּנְד
פַאר דִיא לְבָנָה פוּן דוֹר צוּ דוֹר :
6 עֶר וֶועט אַרוּפְּנִידֶערְן ווִיא רֶעגֶען
אוֹיף דֶעם אָפְּגֶעשְׁנִיטֶענֶעם (גְרָאז) ווִיא
שְׁפְּרֵייא־רֶעגֶען וָואס בֶּענֶעצְט דִיא
עֶרְד :
7 אִין זֵיינֶע טֶעג וֶועט דֶער צַדִיק
בְּלִיהֶען, אוּנְד פִיל שָׁלוֹם (וֶועט זַיין)
בִּיז דִיא לְבָנָה וֶועט נִיט מֶעהְר זַיין :
8 אוּנְד עֶר וֶועט הֶערְשֶׁען פוּן אֵיין
יַם בִּיז צוּ דֶעם אַנְדֶערְן יַם, אוּנְד פוּן
דֶעם טַייךְ בִּיז צוּ דִיא עֶנְדֶען פוּן
דֶער עֶרְד :
9 פַאר אִיהְם וֶועלֶען זִיךְ קְנִיעֶן (דִיא
אֵיינְווֹאוינֶער) פוּן דִיא ווִיסְטֶענִים, אוּנְד
זֵיינֶע פֵיינְד וֶועלֶען דֶעם שְׁטוֹיבּ
לֶעקֶען :
10 דִיא מְלָכִים פוּן תַּרְשִׁישׁ אוּנְד פוּן
דִיא אִינְזֶעלְן, וֶועלֶען מַתָּנוֹת בְּרֶענְגֶען,
דִיא מְלָכִים פוּן שְׁבָא אוּנְד סְבָא וֶועלֶען
זִיךְ גֶענֶעהֶען מִיט מַתָּנוֹת :
11 אוּנְד אַלֶע מְלָכִים וֶועלֶען זִיךְ צוּ
אִיהְם בִּיקֶען, אוּנְד אַלֶע פֶעלְקֶער
וֶועלֶען אִיהְם דִינֶען :
12 וָוארִין עֶר וֶועט דֶעם בֶּעדַארְפְטִי־
גֶען מַצִיל זַיין וֶוען עֶר שְׁרֵייט, אוּנְד
דֶעם אָרֶעמֶען, אוּנְד דֶעם וָואס הָאט
נִיט קֵיין הֶעלְפֶער :
13 עֶר וֶועט חַס (מִיטְלֵיידֶען) הָאבֶען
אִיבֶּער דִיא אָרֶעמֶע אוּנְד נוֹיטְבֶּע־
דַארְפְטִיגֶע, אוּנְד עֶר וֶועט הֶעלְפֶען
דִיא זֶעלֶע פוּן דִיא אָרֶעמֶע :
14 פוּן בֶּעדְרִיקוּנְג אוּנְד רוֹיבוּנְג וֶועט
עֶר זֵייעֶר נֶפֶשׁ אוֹיסְלֵייזֶען, אוּנְד זֵייעֶר
בְּלוּט וֶועט אִין זֵיינֶע אוֹיגֶען טֵייעֶר
זַיין :
15 אוּנְד עֶר וֶועט לֶעבֶּען, אוּנְד מֶען
וֶועט אִיהְם גֶעבֶּען פוּן דֶעם גָאלְד פוּן
שְׁבָא ; אוּנְד מֶען וֶועט שְׁטֶענְדִיג פוּן
זַיינֶעטְוֶועגֶען תְּפִלָּה טְהוּן ; דֶעם

גַאנְצֶען טָאג װֶעט מֶען אִיהְם בֶּענְשֶׁען׃
16 עֶס װֶעט אִים לַאנְד אֵיין פֶערְ־
מֶעהְרוּנְג פוּן תְּבוּאָה (גֶעטְרֵיידֶע) זֵיין
בִּיז אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן דִיא בֶּערְג,
זֵיינֶע פֵּירוֹת װֶעלֶען רוֹישֶׁען װִיא דֶער
לְבָנוֹן, אוּנְד זַייא װֶעלֶען פוּן דִיא
שְׁטָאט אַרוֹיסשְׁפְּרָאצֶען װִיא דָאס גְרָאז
פוּן דֶער עֶרְד׃
17 זֵיין נָאמֶען װֶעט אֵייבִּיג בְּלֵייבֶּען,
אַזוֹי לַאנְג װִיא דִיא זוּן אִיז װֶעט זִיךְ
זֵיין נָאמֶען פְלַאנְצֶען, אוּנְד מֶען װֶעט זִיךְ
דוּרְךְ אִיהְם בֶּענְשֶׁען, אַלֶע גוֹיִם װֶעלֶען
אִיהְם רִיהְמֶען׃
18 גֶעלוֹיבְּט זָאל זֵיין יְהוָֹה, דֶער גָאט,
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, װֶעלְכֶער אַלֵיין טְהוּט
װְאוּנְדֶער׃
19 אוּנְד גֶעלוֹיבְּט זָאל זֵיין דֶער
נָאמֶען פוּן זֵיין כָּבוֹד בִּיז אֵייבִּיג, אוּנְד
דִיא גַאנְצֶע עֶרְד זָאל דֶערְפִילְט װֶערֶען
מִיט זֵיין כָּבוֹד! אָמֵן, אוּנְד אָמֵן!
20 דִיא תְּפִלּוֹת פוּן דָּוִד, דֶער זוּהְן
פוּן יִשַׁי זֶענֶען גֶעעֶנְדִיגְט׃

# ספר שלישי

## תהלים עג

1 אֵיין גֶעזַאנְג פוּן אָסָף–נֵייעֶרְט גָאט
אִיז גוּט צוּ יִשְׂרָאֵל, צוּ דִיא װֶעלְכֶע
הָאבֶּען רֵיינֶע הֶערְצֶער׃
2 אִיךְ אָבֶּער, מֵיינֶע פִּיס זֶענֶען
שִׁיעֶר אָפְּגֶעגֵייגְט גֶעװָארֶען, אוּנְד װִיא
גָאר נִיט זֶענֶען (שִׁיעֶר) מֵיינֶע טְרִיט
אוֹיסְגֶעגְלִיטְשְׁט גֶעװָארֶען׃
3 װָארִין אִיךְ הָאבּ מְקַנֵּא גֶעװֶעזֶען
דִיא בֶּערִיהְמֶער, אַלְס אִיךְ הָאבּ גֶע־
זֶעהֶען דֶעם שָׁלוֹם פוּן דִיא רְשָׁעִים׃
4 װָארִין זַייא הָאבֶּען קֵיינֶע אַנְגְסְטֶען
בִּיז זֵייעֶר טוֹיט, אוּנְד זַייא זֶענֶען
שְׁטַארְק גֶעזוּנְד׃
5 מִידִינְגְקֵייט װִיא אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען
הָאבֶּען זַייא נִיט, אוּנְד זַייא װֶערֶען נִיט
גֶעפְּלָאגְט װִיא אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען׃
6 דַארוּם צִירֶען זַייא זִיךְ אָן מִיט
גַּאֲוָה רוֹיבֶּעֲרֵייא בֶּעדֶעקְט זַייא װִיא
אֵיין קְלֵייד׃
7 זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען גֵייעֶן אַרוֹיס פַאר
פֶעטְקֵייט, זַייא גֵייעֶן דוּרְךְ דִיא טְרַאכְּ־
טוּנְגֶען פוּן זֵייעֶר הַארְץ׃
8 זַייא מַאכֶען צוּגִיין (שְׁמֶעלְצֶען) אוּנְד
זַייא רֶעדֶען שְׁלֶעכְטֶעס פוּן רוֹיבֶּעֲרֵייא,
פוּן דֶער הֵייךְ רֶעדֶען זַייא׃
9 זַייא הָאבֶּען זֵייעֶר מוֹיל קֶעגֶען דֶעם
הִימֶעל גֶעטְהוּן, אוּנְד זֵייעֶר צוּנְג גֵייט
דוּרְךְ דִיא עֶרְד׃
10 דַארִיבֶּער קוּמְט זֵיין פָאלְק אַהֶער
צוּרִיק, אוּנְד (װִיא) פִיל װַאסֶער װֶערֶען
זַייא אֵיינְגֶעזוֹיגֶען צוּ זַייא׃
11 אוּנְד זַייא זָאגֶען, װִיא קֶען עֶס גָאט
װִיסֶען? אוּנְד אִיז (דֶען) דָא עֶרְקֶענוּנְג
בֵּייא דֶעם הֶעכְסְטֶען (אֵייבֶּערְשְׁטֶען)?
12 זֶעה, דִיא דָאזִיגֶע רְשָׁעִים, װָאס
זֶענֶען אֵייבִּיג רוּהִיג (גְלִיקְלִיךְ) אוּנְד
מַאכֶען גְרוֹיס זֵייעֶר פֶערְמֶעגֶען׃
13 נֵייעֶרְט, אִיךְ הָאבּ אוּמְזִיסְט מֵיין
הַארְץ רֵיין גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאבּ מֵיינֶע
הֶענְד (אוּמְזִיסְט) אִין אוּמְשׁוּלְדִיגְקֵייט
גֶעװַאשֶׁען׃
14 אוּנְד (דָאךְ) בִּין אִיךְ דֶעם גַאנְצֶען
טָאג גֶעפְּלָאגְט, אוּנְד גֶעשְׁטְרָאפְט אַלֶע
פְרִיהְמָארְגֶען׃
15 װֶען אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט (גֶעטְרַאכְט)

דָאס אִיךְ וֶועל דֶערצֵיילֶען וִויא (זֵייא),
אַזוֹי וָואלְט אִיךְ גֶעפֶעלְשְׁט מִיט דֶעם
דוֹר פוּן דֵיינֶע קִינְדֶער:
16 אוּנְד אַז אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט דָאס
דָאזִיגֶע צוּ וויסֶען אַזוֹי אִיז עֶס (גֶע־
וָועזֶען) אֵיין מִידִיגְקֵייט אִין מֵיינֶע
אוֹיגֶען:
17 בִּיז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אִין דֶעם
בֵּית הַמִּקְדָּשׁ פוּן גָאט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ
פֶערְשְׁטַאנֶען זֵייעֶר עֶנְדֶע:
18 גֵייעֶרְט דוּא הָאסְט זֵייא גֶעשְׁטֶעלְט
אוֹיף גְלִיטְשִׁקֵייט (גְלַאטֶע עֶרְטֶער),
דוּא הָאסְט זֵייא (אָבֶּער) גֶעמַאכְט
פַאלֶען צוּ פֶערְוִויסְטוּנְגֶען:
19 וִויא וֶוערֶען זֵייא אִין אַ רֶגַע אַזוֹי
פֶערְוִויסְט גֶעוָוארֶען! זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
אוֹיסְגֶעלָאזֶען אוּנְד זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט פוּן
טוֹיט־שְׁרֶעקֶענִים:
20 וִויא אֵיין חָלוֹם וֶוען אֵיינֶער דֶערְ־
וַואכְט זִיךְ, אָ הַאר! אַזוֹי מַאכְסְט דוּא
זֵייעֶר גֶעשְׁטַאלְט אִין דֶער שְׁטָאט
פֶערְשֶׁעהְמְט:
21 וָוארִין עֶר הָאט זוֹיעֶר גֶעמַאכְט
(גֶעשְׁמֶערְצְט) מֵיין הַארְץ, אוּנְד מִיר
גֶעשַׁארְפְט (גֶעשְׁטָאכֶען) מֵיינֶע נִירֶען:
22 אוּנְד אִיךְ בִּין אָבֶּער אֵיין נַאר,
אוּנְד הָאבּ נִיט גֶעוואוּסְט, אִיךְ בִּין
קֶעגֶען דִיר גֶעוֶועזֶען וִויא דִיא בְּהֵמוֹת:
23 אָבֶּער אִיךְ בִּין שְׁטֶענְדִיג בֵּייא
דִיר, דוּא הָאסְט מֵיין רֶעכְטֶע הַאנְד
אָנְגֶענוּמֶען:
24 מִיט דֵיין עֵצָה וֶועסְט דוּא מִיךְ
פִיהְרֶען, אוּנְד נָאךְ דֶעם וֶועסְט דוּא
מִיךְ מִיט כָּבוֹד אוֹיפְנֶעמֶען:
25 וֶועמֶען הָאבּ אִיךְ דֶען אִין דֶעם
הִימֶעל? אוּנְד אַז אִיךְ בִּין מִיט דִיר,
הָאבּ אִיךְ קֵיינֶעם אוֹיף דֶער עֶרְד נִיט
בֶּעגֶעהְרְט:
26 וֶוען מֵיין לֵייבּ אוּנְד הַארְץ אִיז
פֶערְשְׁמַאכְט, אַזוֹי אִיז גָאט דֶער פֶעלְז
פוּן מֵיין הַארְץ אוּנְד מֵיין טְהֵייל אוֹיף
אֵייבִּיג:
27 וָוארִין זֶעה, דִיא וֶועלְכֶע דֶערְ־
ווייטֶערְן זִיךְ פוּן דִיר, וֶועלֶען פֶערְלוֹירֶען
וֶוערֶען דוּא בְּרֶענְגְסְט אוּם אַלֶע
וֶועלְכֶע קֶעהְרֶען זִיךְ אָפּ פוּן דִיר:
28 אָבֶּער אִיךְ—עֶס אִיז פַאר מִיר גוּט
דָאס אִיךְ בִּין צוּ גָאט נָאהֶענְט, אִיךְ
הָאבּ גֶעמַאכְט מֵיין בֶּעשִׁיצוּנְג אִין דֶעם
הַאר גָאט, כְּדֵי צוּ דֶערְצֵיילֶען פוּן אַלֶע
דֵיינֶע מַעֲשִׂים:

## תהלים עד

1 אֵיינֶע בֶּעטְרַאכְטוּנְג פוּן אָסָף־פַאר
וָואס, אָ גָאט, הָאסְט דוּא אוֹיף אֵייבִּיג
פֶערְלָאזֶען? עֶס רֵייכֶערְט דֵיין צָארְן
קֶעגֶען דִיא שָׁאף פוּן דֵיינֶע ווַיידֶע:
2 גֶעדֶענְק אַן דֵיינֶע גֶעמֵיינְדֶע וֶועלְכֶע
דוּא הָאסְט פוּן פָארְצֵייטֶען גֶעקוֹיפְט,
דוּא הָאסְט אוֹיסְגֶעלֵייזְט דֶעם שֵׁבֶט
פוּן דֵיין עֶרְבְּטְהֵייל, אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען
בַּארְג צִיּוֹן—אוֹיף וֶועלְכֶען דוּא הָאסְט
גֶעווֹאוֹינְט:
3 הֵייבּ אוֹיף דֵיינֶע טְרִיט צוּ דִיא
אֵייבִּיגֶע פֶערְוִויסְטוּנְג, דֶער פֵיינְד הָאט
אַלֶעס אִין דִיא הֵיילִיגְקֵייט פֶערְ־
דָארְבֶּען:
4 דֵיינֶע בֶּעלֵיידִיגֶער הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען
אִין מִיטֶען פוּן דֵיין פֶערְזַאמְלוּנְגְס אָרְט,
זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶרֶע צֵייכֶען אַלְס צֵייכֶען
גֶעמַאכְט:
5 עֶר (דֶער פְרֵיינְד) אִיז בֶּעקַאנְט
גֶעוָוארֶען, וֶוען עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט פוּן
אוֹיבֶּען דִיא הֶעק, אַן דֶעם בּוֹים אִין
דֶעם גֶעדִיכְטֶען וַואלְד:

6 אוּנְד אַצוּנְד, אִיהְרֶע צוּשְׁנִיטְצוּנְגֶען
צוּזַאמֶען (הָאבֶּען זֵייא צוּהַאקְט) מִיט
דֶער הַאק אוּנְד הַאמֶער:
7 זֵייא הָאבֶּען דֵיין מִקְדָשׁ מִיט פֵייעֶר
אָנְגֶעצוּנְדֶען, בִּיז צוּ דֶער עֶרְד הָאבֶּען
זֵייא פֶערְאוּמְהֵיילִיגְט, דִיא וְואוֹינוּנְג פוּן
דֵיין נָאמֶען:
8 זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט אִין זֵייעֶר
הַארְץ, מִיר וֶועלֶען זֵייא אִים גַאנְצֶען
צוּשְׁטֶערֶען, זֵייא הָאבֶּען פֶערבְּרֶענְט
אַלֶע פֶערזַאמְלוּנְגְס עֶרְטֶער פוּן גָאט
אִין דֶעם לַאנְד:
9 מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען אוּנְזֶערֶע
צֵייכֶענְס, עֶס אִיז קֵיין נָבִיא נִיט מֶעהְר
דָא, אוּנְד עֶס אִיז אוֹיךְ נִיט דָא קֵיינֶער
בֵּייא אוּנְס וֶועלְכֶער ווֵייסְט בִּיז וִויא
לַאנְג:
10 בִּיז וִויא לַאנְג, אָ גָאט, וֶועט דֶער
בֶּעלֵיידִיגֶער לֶעסְטֶערְן? (בִּיז וִויא לַאנְג)
וֶועט דֶער פֵיינְד דֵיין נָאמֶען אֵייבִּיג
פֶערְשֶׁעמֶען?
11 וַוארוּם הָאסְט דוּא דֵיינֶע הַאנְד
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט? צִיה אַרוֹיס דֵיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן דֵיין שׁוֹיס, אוּנְד
מַאךְ אַיין פֶערְלֶענְדוּנְג:
12 אָבֶּער גָאט אִיז מֵיין קֶענִיג פוּן
פָארְצֵייטֶען, עֶר וֶוערְקְט הִילְף אִין
מִיטֶען פוּן דֶעם לַאנְד:
13 דוּא הָאסְט מִיט דֵיינֶע שְׁטַארְק-
הֵייט צוּבְּרֶעקֶעלְט דָאס יַם, דוּא הָאסְט
צוּבְּרָאכֶען דִיא קֶעפּ פוּן דִיא וַואלְפִישׁ
(תַּנִּינִים) אִין דֶעם וַואסֶער:
14 דוּא הָאסְט צוּשְׁטוֹיסֶען דִיא קֶעפּ
פוּן לִוְיָתָן, דוּא הָאסְט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען
צוּ אַיין שְׁפֵּייז פַאר אַיין פָאלְק וָואס
אִיז אִין דִיא ווִיסְטֶענִיס:
15 דוּא הָאסְט צוּשְׁפָּאלְטֶען קְוַואלֶע-
אוּנְד טֵייכֶען, אוּנְד שְׁטַארְקֶע שְׁטְרָאמֶען
(טֵייכֶען) הָאסְט דוּא אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְט:
16 צוּ דִיר גֶעהֶערְט דֶער טָאג, אוּנְד
צוּ דִיר גֶעהֶערְט אוֹיךְ דִיא נַאכְט, דוּא
הָאסְט אָנְגֶעבְּרֵייט אַיין לֵייכְטוּנְג אוּנְד
דִיא זוּן:
17 דוּא הָאסְט גֶעשְׁטֶעלְט אַלֶע גְרֶענ-
גֶעצֶען פוּן דֶער עֶרְד, דֶעם זוּמֶער
אוּנְד דֶעם ווִינְטֶער, הָאסְט דוּא
בֶּעשַׁאפֶען:
18 גֶעדֶענְק דָאס דֶער פֵיינְד לֶעסְטֶערְט
דֶעם הַאר (יְהֹוָה), אוּנְד אַיין נַארִישׁ
פָאלְק פֶערְשֶׁעמְט דֵיין נָאמֶען:
19 זָאלְסְט דָאךְ נִיט גֶעבֶּען צוּ דִיא
(ווִילְדֶע) חַיּוֹת דָאס נֶפֶשׁ פוּן דֵיינֶע
טוּרְטִיל-טוֹיבּ, דָאס לֶעבֶּען פוּן דֵיינֶע
עֶלֶענְדֶע (אָרֶעמֶע) זָאלְסְט דוּא אֵייבִּיג
נִיט פֶערְגֶעסֶען:
20 קוּק אוֹיף דִיא זִיבֶערְהֵייט (דֶעם
בְּרִית)! וָוארִין דִיא פִינְסְטֶערֶע עֶרְטֶער
פוּן דֶער עֶרְד, זֶענֶען פוּל מִיט וְואוֹי-
נוּנְגֶען פוּן רוֹיבֶּעְרֵייא:
21 לָאז דָאךְ נִיט דֶער נִידֶערְגֶעבּוֹיגֶע-
גֶער פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען, דֶער אָרֶעמֶער
אוּנְד דֶער בֶּעדַארְפְטִיגֶער וֶועלֶען דֵיין
נָאמֶען לוֹיבֶּען:
22 שְׁטֵייא אוֹיף, אָ גָאט! קְרִיג דֵיין
קְרִיג, גֶעדֶענְק דֵיינֶע לֶעסְטֶערוּנְג פוּן
דֶעם נַארִישֶׁען דֶעם גַאנְצֶען טָאג:
23 דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְגֶעסֶען דָאס
קוֹל פוּן דֵיינֶע פֵיינְד, דִיא בְּרוּמוּנְג
פוּן דִיא וָואס שְׁטֵייעֶן אוֹיף קֶעגֶען
דִיר גֵייט שְׁטֶענְדִיג אוֹיף:

## תהלים עה

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער, פֶערְדַארְבּ נִיט
(אַל תַּשְׁחֵת)—אַיין גֶעזַאנְג פוּן אָסָף,
אַיין לִיד:

2 מִיר דַאנְקֶען דִיר אָ גָאט, מִיר
דַאנְקֶען, וָוארִין דֵיין נָאמֶען אִיז נָאהֶענְט,
מִיר דֶערְצֵיילֶען דֵיינֶע וְואוּנְדֶער:
3 וֶוען אִיךְ וֶועל אֵיינֶע בֶּעשְׁטִימְטֶע
צֵייט גֶעמֶען, וֶועל אִיךְ רִיכְטֶען
רֶעכְטפֶערְטִיגְקֵייט:
4 דִיא עֶרְד וֶועט צוּגֵיין מִיט אַלֶע
אִיהְרֶע אֵיינְוְואוינֶער, (אָבֶּער) אִיךְ
הָאבּ בֶּעפֶעסְטִיגְט אִיהְרֶע זֵיילֶען,
סֶלָה:
5 אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט צוּ דִיא בֶּע־
רִיהְמֶער, רִיהְמְט אֵייךְ נִיט, אוּנְד צוּ
דִיא רְשָׁעִים, אִיהְר זָאלְט נִיט דֶערְהֵיי־
בֶּען דָאס הָארְן:
6 אִיהְר זָאלְט נִיט דֶערְהֵייבֶּען אֵייעֶר
הָארְן אַזוֹי הוֹיךְ, רֶעט נִיט מִיט אֵייעֶר
הַאלְז פְרֶעכְהֵייט (עֲזוּתקֵייט):
7 וָוארִין (דִיא דֶערְהֵייבּוּנְג) אִיז נִיט
פוּן אוֹיפְגַאנְג (מִזְרָח) אוּנְד נִיט פוּן
מַעֲרָב אוּנְד נִיט פוּן דֶער מִדְבָּר:
8 נֵייעֶרְט גָאט אִיז דֶער שׁוֹפֵט, דֶעם
מַאכְט עֶר נִידְרִיג, אוּנְד יֶענֶעם מַאכְט
עֶר הוֹיךְ:
9 וָוארִין אֵיין כּוֹס אִיז אִין דִיא הַאנְד
פוּן יְהֹוָה, אוּנְד דֶער וויין אִיז רוֹיט
(אָדֶער שׁוֹימְט), עֶר אִיז פוֹל מִיט
פֶערְמִישׁוּנְג, אוּנְד עֶר מַאכְט דֶערְפוּן
רִינֶען (גִיסֶען), אָבֶּער דִיא הֵייוֶען
דֶערְפוּן וֶועלֶען אַלֶע רְשָׁעִים פוּן דֶער
עֶרְד אוֹיסְזֵייגֶען אוּנְד אוֹיסְטְרִינְקֶען:
10 אָבֶּער אִיךְ וֶועל אֵייבִּיג דֶערְצֵיי־
לֶען, אִיךְ וֶועל זִינְגֶען צוּ דֶעם גָאט
פוּן יַעֲקֹב:
11 אַלֶע הֶערְנֶער פוּן דִיא רְשָׁעִים
וֶועל אִיךְ אָפְּשְׁנֵיידֶען, אָבֶּער דִיא
הֶערְנֶער פוּן דֶעם צַדִיק וֶועלֶען דֶערְ־
הוֹיבֶּען וֶוערֶען:

## תהלים עו

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף נְגִינוֹת–אֵיין
גֶעזַאנְג פוּן אָסָף–אֵיין לִיד:
2 גָאט אִיז אִין יְהוּדָה בֶּעקַאנְט, אִין
יִשְׂרָאֵל אִיז זֵיין נָאמֶען גְרוֹיס:
3 אוּנְד אִין שָׁלֵם אִיז זֵיין גֶעצֶעלְט,
אוּנְד זֵיינֶע וְואוֹינוּנְג אִיז אִין צִיוֹן:
4 דָארְטֶען הָאט עֶר צוּבְּרָאכֶען דִיא
פֵיילֶען פוּן דֶעם בּוֹיגֶען, דֶעם פַּאנְצֶער
אוּנְד שְׁוֶוערְד, אוּנְד דִיא מִלְחָמָה, סֶלָה:
5 דוּא בִּיזְט הֶערְלִיכֶער אוּנְד שְׁטַארְ־
קֶער, פוּן דִיא בֶּערְג פוּן פֶערְצוּקוּנְג:
6 דִיא שְׁטַארְק־הֶערְצִיגֶע זֶענֶען בֶּע־
רוֹיבְּט, זֵייא זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען אִין
זֵייעֶר שְׁלָאף, אוּנְד אַלֶע הֶעלְדֶען
הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט גֶעפִינֶען זֵיירֶע
הֶענְד:
7 פוּן דֵיין אָנְשְׁרֵייעֶן אָ גָאט פוּן
יַעֲקֹב, זֶענֶען רֵייטֶער אוּנְד פֶערְד
אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען:
8 דוּא–פוּרְכְטבַּאר בִּיזְט דוּא, אוּנְד
וֶוער קֶען פַאר דִיר בֶּעשְׁטֵיין אִין דִיא
צֵייט וֶוען דוּא צָארֶענְסְט?
9 פוּן דֶעם הִימֶעל הָאסְט דוּא גֶעלָאזְט
הֶערֶען אֵיין דִין, דִיא עֶרְד הָאט מוֹרָא
גֶעהַאט אוּנְד אִיז שְׁטִיל גֶעוָוארֶען:
10 וֶוען גָאט אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען צוּ
דֶעם מִשְׁפָּט, כְּדֵי צוּ הֶעלְפֶען אַלֶע
עֲלֶענְדֶע פוּן דֶער עֶרְד, סֶלָה:
11 אַפִילוּ דֶער צָארְן פוּן דֶעם מֶענְשׁ
וֶועט דִיךְ לוֹיבֶּען, מִיט דֶער אִיבֶּער־
בְּלֵייבּוּנְג פוּן דֶעם צָארְן וֶועסְט דוּא
דִיךְ אָנְגִירְטֶען:
12 טְהוּט נְדָרִים אוּנְד בֶּעצָאהְלְט צוּ
יְהֹוָה אֵייעֶר גָאט, אַלֶע וָועלְכֶע רִינְגֶעלְן
אִיהם אַרוּם וֶועלֶען בְּרֶענְגֶען מַתָּנוֹת
צוּ דֶעם פָארְכְטִיגֶען:

13 עֶר וֶועט אָפּשְׁנֵיידֶען דֶעם גֵייסְט (מוּטָה) פוּן דִיא פִירְשְׁטֶען, עֶר אִיז פָארְכְטִיג צוּ דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד:

תהלים עז

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף יְדוּתוּן, אַיין גֶעזַאנְג פוּן אָסָף:

2 מַיין קוֹל אִיז צוּ גָאט, אוּנְד אִיךְ שְׁרַייא, מַיין קוֹל אִיז צוּ גָאט, אוּנְד עֶר וֶועט מִיךְ דֶערְהֶערֶען:

3 אִין דֶעם טָאג פוּן מַיין צָרָה, הָאבּ אִיךְ גֶעפָארְשְׁט דֶעם הַאר (יְהֹוָה), בַּייא נַאכְט אִיז מַיינֶע הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּנְד לָאזְט נִיט אָפּ, מַיין נֶפֶשׁ ווִיל זִיךְ נִיט טְרֵייסְטֶען:

4 אִיךְ גֶעדֶענְק אַן גָאט וֶוען אִיךְ בִּין בֶּעטְרִיבְּט, אִיךְ טְהוּא רֶעדֶען וֶוען מַיין גֵייסְט אִיז פֶערשְׁמַאכְט, סֶלָה:

5 דוּא הַאלְטְסְט מַיינֶע אוֹיגֶען דָאס זַייא זָאלֶען וַואכֶען, אִיךְ בִּין צוּשְׁלָאגֶען, אוּנְד אִיךְ קֶען נִיט רֶעדֶען:

6 אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט וֶועגֶען דִיא טֶעג פוּן פָארְצַייטֶען, וֶועגֶען דִיא יָאהְרֶען פוּן אֵייבִּיגְקֵייט:

7 אִיךְ גֶעדֶענְק אַן מַיין זִינְגֶען בַּייא נַאכְט, אוּנְד אִיךְ רֶעד מִיט מַיין הַארְץ, אוּנְד מַיין גֵייסְט פָארְשְׁט עֶס אוֹיס:

8 וֶועט דֶער הַאר אוֹיף אֵייבִּיג פֶערְלָאזֶען? אוּנְד וֶועט עֶר נִיט מֶעהְר בֶּעווִילִיגֶען?

9 הָאט זַיין חֶסֶד אוֹיף אֵייבִּיג אוֹיפְגֶעהֶערְט? הָאט זִיךְ זַיין פֶערשְׁפְּרֶעכֶען גֶעעֶנְדִיגְט פוּן דוֹר צוּ דוֹר?

10 הָאט דֶען גָאט פֶערְגֶעסֶען גְנֶעדִיג צוּ זַיין? הָאט עֶר אִין צָארְן זַיין רַחֲמָנוּת פֶערְגֶעסֶען? סֶלָה:

11 דָאךְ הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט אִיךְ מוּז דָאס לֵיידֶען, דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן דֶעם הֶעכְסְטֶען קֶען עֶס עֶנְדֶערְן:

12 אִיךְ גֶעדֶענְק דִיא וֶוערְק פוּן גָאט, וָוארִין אִיךְ וֶועל (אוֹיךְ) גֶעדֶענְקֶען דַיינֶע פָארְצַייטִיגֶע וְואוּנְדֶער:

13 אוּנְד אִיךְ וֶועל טְרַאכְטֶען אִיבֶּער אַלֶע דַיינֶע וֶוערְק, אוּנְד וֶועל דֶערְצֵיילֶען פוּן דַיינֶע מַעֲשִׂים:

14 אָ גָאט, דַיין וֶועג אִיז אִין דֶער הֵיילִיגְקֵייט, וֶוער אִיז אַזוֹי אַיין גְרוֹיסֶער גָאט וִויא אוּנְזֶער גָאט?

15 דוּא בִּיזְט דֶער גָאט וֶועלְכֶער טְהוּט וְואוּנְדֶער, דוּא הָאסְט אוּנְטֶער דִיא פֶעלְקֶער דַיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט:

16 דוּא הָאסְט דַיין פָאלְק אוֹיסְגֶעלֵייזְט מִיט דַיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט (אָדֶער אָרֶעם)— דִיא קִינְדֶער פוּן יַעֲקֹב אוּנְד יוֹסֵף, סֶלָה:

17 דִיא וַואסֶער הָאבֶּען דִיךְ גֶעזֶעהֶען, אָ גָאט, דִיא וַואסֶער הָאבֶּען דִיךְ גֶעזֶעהֶען,—זַייא הָאבֶּען גֶעצִיטֶערְט, אַפִילוּ דִיא אָפּגְרִינְדֶען הָאבֶּען גֶעצִיטֶערְט:

18 דִיא דִיקֶע וָואלְקֶענְס הָאבֶּען גֶעשְׁטְרָאמְט וַואסֶער, דִיא וָואלְקֶענְס הָאבֶּען אַיין קוֹל גֶעגֶעבֶּען, אוֹיךְ דַיינֶע פַיילֶען זֶענֶען אַהִין אוּנְד אַהֶער גֶעגַאנְגֶען:

19 אַיין קוֹל הָאט גֶעדוּנֶערְט אִין דֶעם הִימֶעל, דִיא בְּלִיצֶען הָאבֶּען דִיא וֶועלְט בֶּעלֵייכְט, דִיא עֶרְד הָאט גֶעצִיטֶערְט אוּנְד גֶעשְׁטָארְמְט:

20 אִין דֶעם יַם אִיז גֶעוֶועזֶען דַיין וֶועג, אוּנְד דַיינֶע שְׁטֶעג אִין פִיל וַואסֶערְן, אוּנְד דַיינֶע טְרִיט זֶענֶען נִיט בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען:

21 דוא הָאסְט דַיין פָאלְק גֶעפִיהְרְט
ווִיא שָאף, דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן משֶׁה
אוּנְד אַהֲרֹן׃

## תהלים עח

1 אֵיינֶע בֶּעטְרַאכְטוּנְג פוּן אָסָף—
פֶערְנֶעם אָ מֵיין פָאלְק מֵיינֶע תּוֹרָה,
נֵייגְט אֵייעֶרע אוֹירֶען צוּ דִיא רֵייד פוּן
מֵיין מוֹיל׃
2 אִיךְ וֶועל מֵיין מוֹיל עֶפֶענֶען מִיט
אַ מָשָׁל, אִיךְ וֶועל רֶעדֶען רֶעטֶענִים
פוּן פֶערְצֵייטֶען׃
3 וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט, אוּנְד
מִיר ווייסֶען עֶס, אוּנְד אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן
הָאבֶּען עֶס אוּנְס דֶערְצֵיילְט׃
4 מִיר וֶועלֶען עֶס נִיט פֶערְלֵייקֶענֶען
פוּן זֵייעֶרֶע קִינְדֶער, בִּיז צוּ דֶעם לֶעצְטֶען
דוֹר, מִיר דֶערְצֵיילֶען דֶעם לוֹיבּ פוּן
יְהֹוָה אוּנְד זֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט, אוּנְד
זֵיינֶע וְואוּנְדֶער וֶועלְכֶע עֶר הָאט
גֶעטְהוּן׃
5 ווייל עֶר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אַ
צֵייגְנִיס אִין יַעֲקֹב, אוּנְד הָאט גֶעגֶעבֶּען
אֵיינֶע תּוֹרָה אִין יִשְׂרָאֵל, וֶועלְכֶע עֶר
הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן,
אַז זֵייא זָאלֶען עֶס צוּ זֵייעֶרֶע קִינְדֶער
בֶּעקַאנְט מַאכֶען׃
6 כְּדֵי דֶער לֶעצְטֶער דוֹר זָאל
עֶס ווייסֶען, דִיא קִינְדֶער וֶועלְכֶע וֶועלֶען
גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען, זֵייא זָאלֶען אוֹיפְ־
שְׁטֵיין אוּנְד זָאלֶען עֶס דֶערְצֵיילֶען צוּ
זֵייעֶרֶע קִינְדֶער׃
7 דָאס זֵייא זָאלֶען זֵייעֶרע הָאפְנוּנְג
אוֹיף גָאט הָאבֶּען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען
נִיט פֶערְגֶעסֶען דִיא וֶוערְק פוּן גָאט,
אוּנְד זֵייא זָאלֶען הִיטֶען זֵיינֶע מִצְוֹת׃
8 אוּנְד זֵייא זָאלֶען נִיט זֵיין אַזוֹי
ווִיא זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, אֵיין אָפְּגֶעקֶעהְרְ־
טֶער אוּנְד אֵיין ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶער דוֹר,
אֵיין דוֹר וֶועלְכֶער הָאט זֵיין הַארְץ
נִיט בֶּעפֶעסְטִיגְט, אוּנְד זֵיין גֵייסְט אִיז
נִיט גֶעווֶעזֶען טְרֵייא מִיט גָאט׃
9 ווִיא דִיא קִינְדֶער פוּן אֶפְרַיִם, וָואס
זֶענֶען גֶעווֶעזֶען בֶּעוָואפֶּענְט מִיט בּוֹיגֶען־
שִׁיסֶער, הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אִין
דֶעם טָאג פוּן דֶעם שְׁטְרֵייט׃
10 זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהִיטֶען דֶעם
בְּרִית פוּן גָאט, אוּנְד אִין זֵיינֶע תּוֹרָה
הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעוָואלְט גֵיין׃
11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְגֶעסֶען זֵיינֶע
וֶוערְק, אוּנְד זֵיינֶע וְואוּנְדֶער וֶועלְכֶע
עֶר הָאט זֵייא גֶעווִיזֶען׃
12 פַאר זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן הָאט עֶר
וְואוּנְדֶער גֶעטְהוּן אִין דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם, אִין דֶעם פֶעלְד פוּן צוֹעַן׃
13 עֶר הָאט דָאס יַם צוּשְׁפָּאלְטֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַרִיבֶּערְגֶעפִיהְרְט,
אוּנְד עֶר הָאט דָאס וַואסֶער אוֹיפְגֶע־
שְׁטֶעלְט אַזוֹי ווִיא אֵיינֶע וַואנְד,
(הוֹיפֶען)׃
14 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעפִיהְרְט
מִיט אֵיין וָואלְקֶען בֵּייא טָאג, אוּנְד
דִיא גַאנְצֶע נַאכְט מִיט אַ פֵייעֶר־לִיכְט׃
15 עֶר הָאט דִיא פֶעלְזֶען אִין דֶער
מִדְבָּר גֶעשְׁפָּאלְטֶען, אוּנְד הָאט זֵייא
אָנְגֶעטְרוּנְקֶען ווִיא פוּן גְרוֹיסֶע אָפְּ־
גְרוּנְדֶען׃
16 אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען
רִינֶעדִיג וַואסֶער פוּן פֶעלְזֶען, אוּנְד דָאס
וַואסֶער הָאט אַרוּפְּגֶעפְלִיסְט אַזוֹי ווִיא
שְׁטְרָאמֶען (טֵייכֶען)׃
17 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נָאךְ מֶעהְר
קֶעגֶען אִיהְם גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד הָאבֶּען
דֶעם הֶעכְסְטֶען דֶערְצָארְנְט (ווִידֶערְגֶע־
שְׁפֶּענִיגְט) אִין דֶער ווִיסְטֶענִיס׃



אוּנְד

18 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעפְּרוּפְט גָאט
אִין זַייעֶרֶע הָערְצֶער, כְּדֵי צוּ פֶערְלַאנְגֶען
שְׁפֵּייז פַאר זַייעֶר נֶפֶשׁ, (אָדֶער נָאךְ
זַייעֶר פֶערְלַאנְג) :
19 אוּנְד זַייא הָאבֶּען קֶעגֶען גָאט
גֶערֶעט, זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, קֶען דֶען
גָאט אֵיין טִישׁ צוּגְרֵייטֶען אִין דֶער
מִדְבָּר ?
20 זֶעה, דֶעם פֶעלְזֶען הָאט עֶר
גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד וַואסֶער הָאט גֶע־
רִינֶען, אוּנְד טֵייכֶען הָאבֶען גֶעפְלֵייצְט,
קֶען עֶר אָבֶער אוֹיךְ אָנְגְרֵייטֶען פְלֵיישׁ
פַאר זַיין פָאלְק ?
21 דַארוּם אַז דֶער הַאר (יְהֹוָה) הָאט
עֶס דֶערְהֶערְט, אַזוֹי אִיז עֶר אִין צָארְן
גֶעוָואָרֶען, אוּנְד אַ פֵייעֶר אִיז אִין
יַעֲקֹב אָנְגֶעצוּנְדֶען גֶעוָואָרֶען, אוּנְד
אוֹיךְ אִיז אֵיין צָארְן אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
קֶעגֶען יִשְׂרָאֵל :
22 ווייל זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט
אִין גָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט
פֶערְזִיכֶערְט אוֹיף זַיינֶע הִילְף :
23 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבָּאטֶען דִיא
וָואלְקֶען פוּן אוֹיבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט
אוֹיפְגֶעמַאכְט דִיא טִירֶען פוּן הִימֶעל :
24 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיף זַייא גֶעמַאכְט
רֶעגְנֶען מָן צוּ עֶסֶען, אוּנְד קָארְן פוּן
הִימֶעל הָאט עֶר זַייא גֶעגֶעבֶּען :
25 יֶעדֶער אֵיינְצִיגֶער הָאט גֶעגֶעסֶען
דָאס בְּרוֹיט פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע (מַלְאָכִים)
עֶר הָאט זַייא גֶעשִׁיקְט שְׁפֵּייז צוּ
זָעטִיגֶען :
26 עֶר הָאט גֶעלָאזְט אַ מִזְרַח־ווינְד
בְּלָאזֶען אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל, אוּנְד עֶר
הָאט מִיט זַיין שְׁטַארְקְהֵייט דֶעם
דָרוֹם־ווינְד גֶעפִיהְרְט :
27 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיף זַייא גֶעמַאכְט
רֶעגְנֶען פְלֵיישׁ אַזוֹי וִויא שְׁטוֹיבּ, אוּנְד
וִויא זַאמְד פוּן דִיא יַמִים, גֶעפְלִיגֶעלְטֶע
פֵייגֶעל :
28 אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעלָאזְט פַאלֶען
אִין מִיטֶען פוּן זַיירֶע מַחֲנֶה, אַרוּם זַיירֶע
וְואוֹינוּנְגֶען :
29 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, אוּנְד
זַייא זֶענֶען זֶעהְר זַאט גֶעוָואָרֶען, אוּנְד
זַייעֶר אֵייגֶענֶע תַּאֲוָה הָאט עֶר צוּ זַייא
גֶעבְּרַאכְט :
30 זַייא הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ אָפְּגֶעקֶעהְרְט
פוּן זַייעֶר תַּאֲוָה (גְלוּסְטֶען), זַייעֶר עֶסֶען
אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען אִין זַייעֶר מוֹיל :
31 אוּנְד דֶער צָארְן פוּן גָאט אִיז
אִיבֶּער זַייא אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעשְׁלָאגֶען אִין זַיירֶע פֶעטֶע,
אוּנְד עֶר הָאט דִיא יוּנְגֶע לֵייט פוּן
יִשְׂרָאֵל אַנִידֶערְגֶעשְׁלָאגֶען :
32 פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען זַייא נָאךְ
גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט גֶע־
גְלֵייבְּט אִין זַיינֶע וְואוּנְדֶער :
33 אוּנְד עֶר הָאט זַיירֶע טֶעג פֶערְלֶענְגְט
אִין נַארִישְׁקֵייטֶען (הֶבֶל), אוּנְד
זַיירֶע יָאהְרֶען אִין שְׁרֶעק :
34 וֶוען עֶר הָאט זַייא גֶעשְׁלָאגֶען
אַזוֹי הָאבֶּען זַייא אִיהְם גֶעפָארְשְׁט,
אוּנְד הָאבֶּען תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן, אוּנְד
הָאבֶּען גָאט גֶעזוּכְט (פֶערְלַאנְגְט) :
35 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ דֶערְמַאנְט
אַז גָאט אִיז זַייעֶר פֶעלְז, אוּנְד דֶער
הֶעכְסְטֶער גָאט אִיז זַייעֶר דֶערְלֵייזֶער :
36 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אִיבֶּערְ־
גֶערֶעט מִיט זַייעֶר מוֹיל, אָבֶער מִיט
זַייעֶר צוּנְג הָאבֶּען זַייא אִיהְם
פֶערְלֵייקֶענְט :
37 אוּנְד זַייעֶר הַארְץ אִיז נִיט
גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהְם אָנְגֶעבְּרֵייט (רֶעכְט)

אונד זייא זענען ניט געוועזען טרייא
מיט זיין ברית:
38 אבער ער איז א בארמהערציגער,
אונד ער האט דיא זינד פערגעבען,
אונד ער האט ניט פערדארבען, אונד
ער האט פערמעהרט אפצוקעהרען זיין
צארן, אונד ער האט ניט געלאזט זיין
גאנצען גרימצארן דערוועקען:
39 ווייל ער האט געדענקט אז זייא
זענען נאר פלייש, דער גייסט גייט
אוועק אונד קעהרט זיך ניט צוריק:
40 וויא פיל מאל האבען זייא קעגען
איהם ווידערגעשפעניגט אין דער
מדבר, אונד האבען איהם בעטריבט
אין ישימון (וויסטע):
41 אונד זייא האבען צוריקגעקעהרט
אונד האבען גאט געפרופט, אונד
דעם היילינען פון ישראל האבען זייא
בעטריבט:
42 זייא האבען ניט געדענקט אן זיינע
האנד, (אדער) דעם טאג וואס ער האט
זייא אויסגעלייזט פון דעם פיינד
(בעדרענגער):
43 ווען ער האט זיינע צייכען גע־
טהון אין מצרים, אונד זיינע וואונדער
אין דעם פעלד פון צוען:
44 אונד ער האט זיירע טייכען
פערקעהרט צו בלוט, אונד זיירע
רינעדיגע וואסערן האבען זייא ניט
געקענט טרינקען:
45 ער האט אויף זייא אנגעשיקט
איין ערב (אונגעציפער) אונד זייא
האבען זייא פערצערט, אונד פרעש
וועלכע זייא האבען זייא פערדארבען:
46 אונד ער האט געגעבען זיירע
פרוכט צו דעם חסיל אונד זיירע
ארבייט צו דעם היישעריק:
47 ער האט זייער ווינשטאק דורך
דעם האגעל געשלאגען, אונד זיירע
מולבער־ביימער מיט פראסט:
48 ער האט אויך זיירע פיה (בהמות)
דעם האגעל איבערגעגעבען, אונד
זיירע סטאדעס (הערדען), צו דיא
בליצען:
49 ער האט אויף זייא געשיקט זיין
גרימצארן, וואוטה־צארן, אונד בע־
דרענגענים (צרה), אונד איין אנשיקונג
פון שלעכטע מלאכים:
50 ער האט גלייך געמאכט איין
שטעג צו זיין צארן, אונד ער האט
זייער נפש ניט פערמיטען פון דעם
טויט, אונד ער האט זייער לעבען צו
דעם דבר (פעסט) איבערגעגעבען:
51 אונד ער האט געשלאגען אלע בכורים
אין מצרים—דיא ערשטע פון זייער
קראפט אין דיא געצעלטען פון חם:
52 אונד ער האט זיין פאלק געמאכט
ציהען וויא שאף, אונד ער האט זייא
וויא איינע סטאדע געפיהרט אין דער
מדבר:
53 אונד ער האט זייא אין זיכערהייט
געפיהרט, דאס זייא האבען זיך ניט
געפארכטען, אבער זיירע פיינד האט
דאס ים בעדעקט:
54 אונד ער האט זייא געבראכט צו
זיינע היילינע גרענעץ, צו דעם
דאזיגען בארג, וואס זיינע רעכטע
האנד האט ערווארבען (אדער גע־
קויפט):
55 אונד ער האט פאר זייא פעלקער
פערטריבען, אונד ער האט פאר זייא
געמאכט צופאלען דורך דיא שנור
איין ערבטהייל (נחלה), אונד ער
האט געמאכט וואוינען אין זיירע

גֶעצֶעלְטֶען דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל׃
56 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען גֶעפְּרוּפְט,
אוּנְד ווִידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט קֶעגֶען דֶעם
הֶעכְסְטֶען גָאט, אוּנְד זֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע
(דִיא תּוֹרָה) הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעהִיט׃
57 נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען אָפְּגֶעקֶעהְרְט
אוּנְד הָאבֶּען גֶעפֶעלְשְׁט ווִיא זֵיירֶע
עֶלְטֶערְן, זֵייא זֶענֶען פֶערְקֶעהְרְט גֶע־
וָוארֶען ווִיא אֵיין פַאלְשֶׁער בּוֹיגֶען
58 זֵייא הָאבֶּען אִיהם דֶערְצֶערְנְט
מִיט זֵיירֶע בָּמוֹת, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהם דוּרְךְ זֵיירֶע גֶעצֶענְבִּילְדֶער
אֵייפֶערְזִיכְטִיג גֶעמַאכְט׃
59 וֶוען גָאט הָאט דָאס גֶעהֶערְט אַזוֹי
אִיז עֶר דֶערְצָארְנְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר
הָאט יִשְׂרָאֵל זֶעהְר פֶערְמִיאוּסְט׃
60 אוּנְד עֶר הָאט זֵיין מִשְׁכַּן שִׁלוֹה
פֶערְלָאזְט, דָאס גֶעצֶעלְט אִין וֶועלְכֶען
עֶר הָאט אוּנְטֶער מֶענְשֶׁען גֶעוואוֹינְט׃
61 אוּנְד עֶר הָאט אִין גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט
זֵיינֶע מַאכְט גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד זֵיינֶע
הֶערְלִיכְקֵייט אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם
בֶּעלֵיידִיגֶער׃
62 אוּנְד עֶר הָאט זֵיין פָאלְק צוּ דֶעם
שְׁוֶוערְד אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, אוּנְד אִיבֶּער
זֵיין עֶרְבְּטְהֵייל אִיז עֶר דֶערְצָארְנְט
גֶעוָוארֶען׃
63 זֵיינֶע יוּנְגֶע לֵייט הָאט אַ פֵייעֶר
פֶערבְּרֶענְט, אוּנְד זֵיינֶע יוּנְגְפְרוֹיעֶן זֶענֶען
נִיט גֶעפְּרֵייעֶט גֶעוָוארֶען׃
64 זֵיינֶע כּוֹהֲנִים זֶענֶען דוּרְךְ דֶעם
שְׁוֶוערְד גֶעפַאלֶען, אוּנְד זֵיינֶע אַלְמָנוֹת
הָאבֶּען זֵייא נִיט בֶּעוֵויינְט׃
65 אוּנְד יְהֹוָה הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעוַואכְט
אַזוֹי ווִיא אֵיינֶער פוּן דֶעם שְׁלָאף, אַזוֹי
ווִיא אַ גִבּוֹר שְׁרֵייט וֶועגֶען דֶעם וויין׃
66 אוּנְד עֶר הָאט זֵיינֶע פֵיינְד
אוּנְטֶער זִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען, עֶר הָאט זֵייא
צוּ אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע שַׁאנְד גֶעגֶעבֶּען׃
67 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְמִיאוּסְט דָאס
גֶעצֶעלְט פוּן יוֹסֵף, אוּנְד עֶר הָאט נִיט
אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט דֶעם שֵׁבֶט אֶפְרַיִם׃
68 נֵייעֶרְט עֶר הָאט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט
דֶעם שֵׁבֶט יְהוּדָה, דֶעם בַּארְג צִיּוֹן
וֶועלְכֶען עֶר הָאט לִיב׃
69 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹיעֶט זֵיין הֵיילִיג־
טְהוּם אַזוֹי הוֹיךְ, ווִיא דִיא עֶרְד וֶועלְכֶע
עֶר הָאט אוֹיף אֵייבִּיג גֶעגְרוּנְדְפֶעסְטִיגְט׃
70 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט זֵיין
קְנֶעכְט דָוִד, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם
צוּגֶענוּמֶען פוּן דִיא שָׁאף־שְׁטַאלֶען׃
71 פוּן אוּנְטֶער דִיא זֵייגֶענְדֶע שָׁאף
הָאט עֶר אִיהְם גֶעבְּרַאכְט, כְּדֵי צוּ
פִּיטֶערְן (ווַיידֶען) יַעֲקֹב זֵיין פָאלְק,
אוּנְד אִין יִשְׂרָאֵל זֵיין עֶרְבְטְהֵייל׃
72 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעווַיידֶעט נָאךְ
דִיא גַאנְצְקֵייט פוּן זֵיין הַארְץ, אוּנְד
מִיט דִיא פֶערשְׁטֶענְדִיגְקֵייט פוּן זֵיינֶע
הֶענְד הָאט עֶר זֵייא גֶעפִיהְרְט׃

## תהלים עט

1 אֵיין גֶעזַאנְג פוּן אָסָף—אוֹי גָאט,
דִיא גוֹיִם זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין דֵיין
עֶרְבְטְהֵייל, זֵייא הָאבֶּען טָמֵא גֶעמַאכְט
דֵיין הֵיילִיגֶען פַּאלַאסְט, זֵייא הָאבֶּען
יְרוּשָׁלַיִם צוּ שְׁטֵיינְהוֹיפֶען גֶעמַאכְט׃
2 זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען דִיא טוֹיטֶע
לֵייבֶּער פוּן דֵיינֶע קְנֶעכְט צוּ שְׁפֵּייז צוּ
דִיא פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל, דָאס פְלֵייש
פוּן דֵיינֶע פְרוּמֶע צוּ דִיא חַיּוֹת פוּן
דֶער עֶרְד׃
3 זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶר בְּלוּט ווִיא וַואסֶער
פֶערְגָאסֶען רִינְגְס אַרוּם יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען וֶוער עֶס זָאל
בֶּעגְרָאבֶּען׃

4 מיר זענען בייא אונזערע שכנים צו שאַנד געװאָרען, איין שפּאָט אונד פֿעראַכטונג צו דיא װעלכע זענען אַרום אונס׃

5 בּיז װיא לאַנג, אוי יְהוָֹה, װעסט דוא אויף אייבּיג צאָרנען? — װעט דיין צאָרן װיא פֿייער בּרענען?

6 גיס אויס דיין צאָרן אויף דיא גוֹיִם װעלכע האָבּען דיך ניט אַנערקענט, אונד איבּער דיא קעניגרייכען װעלכע האָבּען דיין נאָמען ניט אָנגערופֿען׃

7 װאָרין מען האָט יַעֲקֹב אויפֿגעגעסען, אונד זיינע װאוינונג האָבּען זייא פֿערװיסט׃

8 דוא זאָלסט קעגען אונס ניט געדענקען דיא זינד פֿון דיא ערשטע (אורעלטערן), לאָז דאָך דיין רַחֲמָנוּת שנעל איבּער אונס קומען, װאָרין מיר זענען זייער פֿעראָרעמט געװאָרען׃

9 העלף אונס, אָ גאָט פֿון אונזער הילף, װעגען דעם כָּבוֹד פֿון דיין נאָמען, אונד זייא אונס מַצִיל, אונד פֿערגעבּ אונזערע זינד אום דיין נאָמען'ס װעגען׃

10 װאַרום זאָלען דיא גוֹיִם זאָגען, װאו איז זייער גאָט? לאָז בּעקאַנט װערען אונטער דיא גוֹיִם פֿאַר אונזערע אויגען, דיא נְקָמָה פֿאַר דעם בּלוט פֿון דיינע קנעכט, װאָס איז פֿערגאָסען געװאָרען׃

11 לאָז דאָך פֿאַר דיר קומען דאָס זיפֿצען פֿון דיא געפֿאַנגענע, נאָך דיא גרויסקייט פֿון דיין אָרעם, בּעפֿרייע (דאָך) דיא קינדער (װאָס זענען בּע־רייט) צום טויט׃

12 אונד געבּ צוריק צו אונזערע שכנים אין זייער בּוזעם זיבּען מאָל, פֿאַר דיא לעסטערונג מיט װעלכע זייא האָבּען דיך געלעסטערט, אָ האר!

13 אָבּער מיר זענען דיין פֿאָלק, אונד דיא שאָף פֿון דיינע װיידע, מיר װעלען דיר אייבּיג דאַנקען, פֿון דור צו דור װעלען מיר דערציילען דיין לויבּ׃

## תהלים פ

1 צו דעם זינגער אויף שׁוֹשַׁנִּים—עֵדוּת, פֿון אָסָף איין געזאַנג׃

2 אָ דוא פּאַסטוך (הירט) פֿון יִשְׂרָאֵל פֿערנעם! דוא װאָס דוא פֿיהרסט יוֹסֵף װיא דיא שאָף, דער װאָס װאוינט צװישען דיא כְּרוּבִים, לייכט פֿאַר!

3 פֿאַר אֶפְרַיִם אונד בִּנְיָמִין, אונד מְנַשֶּׁה דערװעק דיא שטאַרקהייט, אונד קום אונס צו הילף׃

4 אָ גאָט, קעהר אונס צוריק, אונד לאָז דיין פָּנִים לייכטען, אַזוי װעלען מיר געהאָלפֿען זיין׃

5 אָ יְהוָֹה, גאָט צְבָאוֹת, בּיז װיא לאַנג רויכסט דוא (דיין צאָרן) קעגען דיא תְּפִלָּה פֿון דיין פֿאָלק?

6 דוא האָסט זייא געמאַכט עסען בּרויט אין טרערען אונד דוא האָסט זייא אָנגעטרונקען מיט טרערען אין איין דרייא־פֿאַכיגען מאָס׃

7 דוא האָסט אונס געמאַכט צום שטרייט פֿאַר אונזערע שכנים, אונד אונזערע פֿיינד שפּאָטען צװישען זיך׃

8 אָ גאָט פֿון דיא הערשאַרען, קעהר אונס צוריק, אונד לאָז דיין פָּנִים לייכטען, אַזוי װעלען מיר געהאָלפֿען װערען׃

9 דוא האָסט אַרויסגעצויגען איין װיינשטאָק פֿון מִצְרַיִם, דוא האָסט דיא גוֹיִם פֿערטריבּען, אונד דוא האָסט זיא איינגעפֿלאַנצט׃

10 דוּא הָאסְט פַאר זֵייא אוֹיסְגֶעֶרָאמְט
(אֵיין פְּלַאץ גֶעמַאכְט) אוּנְד זִיא הָאט
אִיהְרֶע װָארְצֶעלְן אֵיינְגֶעװָארְצֶעלְט,
אוּנְד זִיא הָאט פוּל גֶעמַאכְט דָאס
לַאנְד:
11 מִיט אִיהְר שָׁאטֶען זֶענֶען דִיא
בֶּערְג בֶּעדֶעקְט גֶעװֶעזֶען, אוּנְד אִיהְרֶע
צְװֵייגֶען (זֶענֶען גֶעװָארֶען) װִיא דִיא
צֶעדֶער בֵּיימֶער פוּן גָאט:
12 זִיא הָאט אִיהְרֶע צְװֵייגֶען אוֹיסְ־
גֶעשְׁטְרֶעקְט בִּיז צוּ דֶעם יָם, אוּנְד בִּיז
צוּם טֵייךְ אִיהְרֶע יוּנְגֶע צְװֵייגֶען:
13 װַארוּם הָאסְט דוּא אִיהְרֶע צוֹימֶען
אֵיינְגֶעבְּרָאכֶען, דָאס יֶעדֶערֶער װֶעלְכֶער
גֵייט דוּרְךְ דֶעם װֶעג פְּלִיקְט זִיא?
14 דָאס װִילְדֶע חֲזִיר פוּן װַאלְד פֶּערְ־
װִיסְטֶעט זִיא, אוּנְד דִיא חַיּוֹת פוּן דֶעם
פֶעלְד פִיטֶערֶען זִיךְ דַארִין:
15 אָ גָאט פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען, קֶעהְר
דִיךְ צוּרִיק, קוּק פוּן דֶעם הִימֶעל אוּנְד
זֶעה! אוּנְד דֶערְמַאן דִיךְ אִיבֶּער דֶעם
דָאזִיגֶען װֵיינְשְׁטָאק:
16 אוּנְד בֶּעשִׁיץ דֶעם, װָאס דֵיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד הָאט גֶעפְּלַאנְצְט, אוּנְד
דֶעם זוּהְן, װֶעלְכֶען דוּא הָאסְט דִיר
שְׁטַארְק גֶעמַאכְט:
17 עֶס אִיז פֶערבְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר,
אוּנְד אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען; פוּן דֶעם אָנְשְׁרֵייעֶן
פוּן דֵיין פָּנִים װֶערֶען זֵייא פֶערְלוֹירֶען:
18 לָאז דָאךְ דֵיינֶע הַאנְד זֵיין אוֹיף
דֶעם מַאן פוּן דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוֹיף
דֶעם בֶּן אָדָם װֶעלְכֶען דוּא הָאסְט דִיר
שְׁטַארְק גֶעמַאכְט:
19 אוּנְד מִיר װֶעלֶען נִיט אָפְּקֶעהְרֶען
פוּן דִיר, אָ לָאז אוּנְס לֶעבֶּען, אַזוֹי
װֶעלֶען מִיר דֵיין נָאמֶען אָנְרוּפֶען:
20 אָ יְהוָֹה, דֶער גָאט פוּן דִיא הֶערְ־
שַׁארֶען, קֶעהְר אוּנְס צוּרִיק, לָאז דֵיין
פָּנִים לֵייכְטֶען, אַזוֹי װֶעלֶען מִיר גֶע־
הָאלְפֶען זֵיין:

תהלים פא

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—אוֹיף גִתִּית, פוּן
אָסָף:
2 זִינְגְט צוּ גָאט, אוּנְזֶער שְׁטַארְקֶער,
שַׁאלְט צוּ דֶעם גָאט פוּן יַעֲקֹב:
3 הֵייבְּט אוֹיף אֵיין גֶעזַאנְג, אוּנְד
גִיבְּט אַהֶער דִיא פּוֹיק, אֵיינֶע לִיבְּלִיכֶע
הַארְף אוּנְד צִימְבֶּעל:
4 בְּלָאזְט אַן רוֹאשׁ חוֹדֶשׁ מִיט דֶעם
שׁוֹפָר, אֵיינֶע בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייט, אִין
דֶעם טָאג פוּן אוּנְזֶער פֵייעֶרְטָאג:
5 װָארִין עֶס אִיז אַ גֶעזֶעץ פַאר
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אַ מִשְׁפָּט פוּן דֶעם גָאט
פוּן יַעֲקֹב:
6 עֶר הָאט עֶס גֶעמַאכְט צוּ אֵיין
צֵייגְנִיס אוּנְטֶער יוֹסֵף, װֶען עֶר אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם, אֵיין לָשׁוֹן װֶעלְכֶעס אִיךְ הָאבּ
נִיט גֶעװְאוּסְט, הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט:
7 אִיךְ הָאבּ זֵיינֶע אַקְסֶעל אָפְּגֶעטְהוּן
פוּן דִיא לַאסְט, זֵיינֶע הֶענְד זֶענֶען פְרֵייא
גֶעװָארֶען פוּן דֶעם קָארְבּ:
8 װֶען דוּא הָאסְט מִיךְ אִין אֵיין צָרָה
אָנְגֶערוּפֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ דִיךְ
אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען; אִיךְ הָאבּ דִיר אִין
פֶערְבָּארְגֶענִיס פוּן דוּנֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעפְּרוּפְט בֵּייא דֶעם
װַאסֶער פוּן מְרִיבָה, סֶלָה!
9 הֶער צוּ אָ מֵיין פָאלְק, אוּנְד אִיךְ
װֶעל קֶעגֶען דִיר צֵייגֶען, אוּנְד יִשְׂרָאֵל,
װֶען דוּא װֶעסְט מִיךְ צוּהֶערֶען:
10 עֶס זָאל בֵּייא דִיר קֵיין פְרֶעמְדֶער
גָאט זֵיין, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט
בִּיקֶען צוּ קֵיין פְרֶעמְדֶען גָאט:



איך

11 אִיךְ בִּין יְהֹוָה דֵיין גָאט, וָואס הָאט דִיךְ אַרויפְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, מַאךְ בְּרֵייט דֵיין מויל, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם פוּל מַאכֶען:

12 אָבֶּער מֵיין פָאלְק הָאט נִיט גֶעהֶערְט צוּ מֵיין קוֹל, אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט מִיךְ נִיט גֶעוָואלְט הָאבֶּען:

13 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אִיהְם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אִין דֶער פֶערְהַארְטוּנְג פוּן זֵייעֶר הַארְץ, זֵייא זָענֶען אִין זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע עֵצוֹת גֶעגַאנְגֶען:

14 אוֹי, וֶוען מֵיין פָאלְק וָואלְט מִיךְ גֶעהֶערְט, אוּנְד יִשְׂרָאֵל וָואלְטֶען אִין מֵיינֶע וֶועגֶען גֶעגַאנְגֶען!

15 אַזוֹי וָואלְט אִיךְ זֵיירֶע פֵיינְד בַּאלְד אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט, אוּנְד אִיךְ וָואלְט מֵיינֶע הַאנְד אויף זֵיירֶע בֶּעלֵיידִיגֶער אוּמְגֶעקֶעהְרְט:

16 דִיא פֵיינְד פוּן דֶעם הַאר (יְהֹוָה) וָואלְטֶען זִיךְ גֶעמוּסְט צוּ אִיהְם אוּנְטֶערְוַוארְפֶען, אוּנְד זֵיירֶע צֵייט וָואלְט אויף אֵייבִּיג גֶעדויעֶרְט:

17 אוּנְד עֶר וָואלְט אִיהְם גֶעמַאכְט עֶסֶען פוּן דֶעם פֶעטֶען ווייץ, אוּנְד אִיךְ וָואלְט דִיךְ גֶעזֶעטִיגְט מִיט הָאנִיג אוֹיס דֶעם פֶעלְזֶען:

תהלים פב

1 אֵיין גֶעזַאנְג פוּן אָסָף–גָאט שְׁטֵייט אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע פוּן גָאט, אִין דֶער מִיטֶען פוּן דִיא גֶעטֶער מִשְׁפָּט עֶר:

2 בִּיז וִויא לַאנְג וֶועט אִיהְר אוּמְרֶעכְט מִשְׁפָּט'ן? אוּנְד דָאס פָּנִים פוּן דִיא רְשָׁעִים דֶערְהֵייבֶּען? סֶלָה:

3 מִשְׁפָּט דֶעם אָרֶעמֶען אוּנְד דֶעם יָתוֹם, גִיבְּט רֶעכְט דֶעם עֶלֶענְדֶען אוּנְד דֶעם אוּנְטֶערְדְרִיקְטֶען:

4 בֶּעפְרֵייט דֶעם אָרֶעמֶען אוּנְד בֶּעדַארְפְטִיגֶען, זֵייט זֵייא מַצִיל פוּן דֶער הַאנְד פוּן דִיא רְשָׁעִים:

5 זֵייא דֶערְקֶענֶען נִיט אוּנְד פֶערְשְׁטֵייעֶן נִיט, זֵייא גֵייעֶן אַרוּם אִין דִיא פִינְסְטֶערְנִים; אַלֶע גְרוּנְדְפֶעסְטוּנְגֶען פוּן דֶער עֶרְד וֶוערֶען אָפְּגֶענֵייגְט:

6 אִיךְ הָאבּ אָבֶּער גֶעזָאגְט, אִיהְר זֶענְט גֶעטֶער, אוּנְד אִיהְר זֶענְט אַלֶע קִינְדֶער פוּן דֶעם הֶעכְסְטֶען:

7 אָבֶּער דָאךְ וֶועט אִיהְר וִויא מֶענְשֶׁען שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד וִויא אֵיינֶער פוּן דִיא פִירְשְׁטֶען וֶועט אִיהְר פַאלֶען!

8 שְׁטֵייא אויף, אָ גָאט, מִשְׁפָּט דִיא עֶרְד, וָוארִין דוּא וֶועסְט יַרְשְׁנְ'ן צְווִישֶׁען אַלֶע פֶעלְקֶער:

תהלים פג

1 אֵיין שִׁיר (לִיד)–אֵיין גֶעזַאנְג פוּן אָסָף:

2 אָ גָאט, שְׁוֵויג נִיט, זַייא נִיט שְׁטִיל, אוּנְד רוּהֶע דָאךְ נִיט, אָ גָאט:

3 וָוארִין זֶעה, דֵיינֶע פֵיינְד בְּרוּמֶען, אוּנְד דֵיינֶע הַאסֶער הֵייבֶּען אויף דֶעם קָאפּ:

4 קֶעגֶען דֵיין פָאלְק מַאכֶען זֵייא לוּסְטִיגֶע גֶעהֵיימְנִים (סוֹד), אוּנְד זֵייא הַאלְטֶען עֵצוֹת קֶעגֶען דֵיינֶע פֶערְבָּארְגֶענֶע:

5 זֵייא זָאגֶען, קוּמְט, מִיר וֶועלֶען זֵייא פֶערְטִילְגֶען, דָאס זֵייא זָאלֶען מֶעהְר נִיט זֵיין קֵיין פָאלְק, אוּנְד דָאס דֶער נָאמֶען פוּן יִשְׂרָאֵל זָאל נִיט מֶעהְר דֶערְמַאנְט וֶוערֶען:

6 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶען אִין הַארְץ בֶּערָאטֶען, קֶעגֶען דִיר הָאבֶּען זֵייא אֵיין בּוּנְד פֶערְשְׁנִיטֶען (גֶעמַאכְט):

7 דִיא גֶעצֶעלְטֶען פוּן אֱדוֹם אוּנְד דִיא יִשְׁמְעֵאלִים, מוֹאָב אוּנְד דִיא הַגְרִים:

8 גְבַל אוּנְד עַמוֹן, אוּנְד עֲמָלֵק,
פְּלִשְׁתִּים מִיט דִיא אֵיינוואוינֶער פוּן
צוֹר:
9 אוֹיךְ אַשׁוּר הָאט זִיךְ מִיט זֵייא
בֶּעהֶעפְט, זֵייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען וִויא
אֵיין אָרֶעם צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן לוֹט,
סֶלָה:
10 טְהוּא צוּ זֵייא וִויא צוּ מִדְיָן, וִויא
צוּ סִיסְרָא, אוּנְד וִויא צוּ יָבִין בֵּייא
דֶעם טֵייךְ קִישׁוֹן:
11 זֵייא זֶענֶען פֶערְטִילְגְט גֶעוָוארֶען
בֵּייא עֵין דוֹאר; זֵייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען
וִויא מִסְט אוֹיף דֶער עֶרְד:
12 מַאךְ זֵייא, זֵייעֶרֶע פִירְשְׁטֶען, וִויא
עוֹרֵב אוּנְד וִויא זְאֵב, אוּנְד וִויא זֶבַח
אוּנְד וִויא צַלְמֻנָּה—אַלֶע זֵייעֶרֶע הַארֶען:
13 וָועלְכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, לָאזֶען
מִיר יַרְשְׁנְ'ן דִיא וְואוינוּנְגֶען פוּן גָאט:
14 אָ מֵיין גָאט, מַאךְ זֵייא וִויא אֵיין
ווירְבֶּעל ווינְד, אוּנְד וִויא שְׁפְּרֵייא פַאר
דֶעם ווינְד:
15 וִויא פֵייעֶר פֶערבְּרֶענְט דֶעם וַואלְד,
אוּנְד וִויא אֵיין פְלַאם וָואס צִינְדֶעט
אָן דִיא בֶּערְג:
16 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זֵייא פֶערְיָאגֶען
מִיט דֵיין שְׁטָארְם, אוּנְד מִיט דֵיין
שְׁטָארְמווינְד זָאלְסְט דוּא זֵייא דֶערְ־
שְׁרֶעקֶען:
17 פִיל אָן זֵייעֶרֶע גֶעזִיכְטֶער מִיט
שַׁאנְד, דָאס זֵייא זָאלֶען דֵיין נָאמֶען
זוּכֶען, אָ יְהֹוָה:
18 לָאזֶען זֵייא זִיךְ שֶׁעמֶען אוּנְד אוֹיף
אֵייבִּיג דֶערשְׁרָאקֶען וֶוערֶען, אוּנְד זֵייא
זָאלֶען פֶערְשֶׁעמְט אוּנְד פֶערְלוֹירֶען
וֶוערֶען:
19 דָאס זֵייא זָאלֶען דֶערְקֶענֶען דָאס
יְהֹוָה, אִיז דֵיין נָאמֶען, דוּא אַלֵיין בִּיזְט
דֶער הֶעכְסְטֶער אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער
עֶרְד:

## תהלים פד

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף גִתִּית—פוּן דִיא
זִיהְן פוּן קֹרַח—אֵיין גֶעזַאנְג:
2 וִויא לִיבְּלִיךְ זֶענֶען דֵיינֶע וְואוינוּנְגֶען,
אָ יְהֹוָה צְבָאוֹת:
3 מֵיין נֶפֶשׁ גְלוּסְט, אוּנְד אוֹיךְ
שְׁמַאכְט נָאךְ דֵיינֶע פָארהוֹיפֶען אָ
יְהֹוָה, מֵיין הַארְץ אוּנְד מֵיין פְלֵיישׁ
וֶועלֶען זִינְגֶען צוּ דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען
גָאט:
4 אוֹיךְ דֶער פוֹיגֶעל הָאט אֵיין הוֹיז
גֶעפוּנֶען, אוּנְד דִיא שְׁוַואלְבּ אֵיין נֶעסְט
פַאר זִיךְ, אַוְואוּ זִיא לֵייגְט אִיהְרֶע
יוּנְגֶע פֵייגֶעל—דֵיינֶע מִזְבְּחוֹת, אָ הַאר
(גָאט) פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען, מֵיין קֶענִיג
אוּנְד מֵיין גָאט:
5 וְואוֹיל צוּ דִיא וֶועלְכֶע בֶּעווְאוֹיגֶען
דֵיין הוֹיז,—זֵייא וֶועלֶען דִיךְ נָאךְ לוֹיבֶּען,
סֶלָה:
6 וְואוֹיל צוּ דֶעם מֶענְשׁ וָואס זֵיינֶע
שְׁטַארְקְהֵייט אִיז אִין דִיר, אוּנְד דִיא
וֶועגֶען אִין זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער:
7 דִיא וָועלְכֶע אִיבֶּערְפָאהְרֶען דָאס
טְהָאל פוּן בָּכָא מַאכֶען עֶס צוּ אַ
קְוַואל, אוֹיךְ דֶער פְרִיה־רֶעגֶען בֶּער־
דֶעקְט עֶס מִיט בְּרָכוֹת:
8 זֵייא גֵייעֶן פוּן קְרַאפְט צוּ קְרַאפְט,
יֶעדֶערֶער עֶרְשֵׁיינְט פַאר גָאט אִין צִיוֹן:
9 אָ יְהֹוָה, גָאט פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען,
הֶער מֵיין תְּפִלָּה, פֶערְנֶעם עֶס, אָ גָאט
פוּן יַעֲקוֹב, סֶלָה:
10 אָ גָאט אוּנְזֶער בֶּעשִׁיצֶער, זֶעה,
אוּנְד בְּלִיק אָן דָאס אָנְגֶעזִיכְט פוּן
דֵיין גֶעזַאלְבְּטֶען:
11 וָוארִין עֶס אִיז בֶּעסֶער אֵיין טָאג

אִין דַיינֶע פָארְהוֹיפֶען אַלְס טוֹיזֶענְד; אִיךְ װָאלְט בֶּעסֶער אוֹיסְדֶערְװֶוײלְט צוּ שְׁטֵיין אוֹיף דֶער שְׁװֶעל אִין דֶעם הוֹיז פוּן מֵיין גָאט, אַלְס צוּ װאוֹינֶען אִין דִיא גֶעצֶעלְטֶען פוּן דֶעם רָשָׁע:

12 װָארִין דֶער הַאר גָאט אִיז אַ זוּן אוּנְד שִׁילְד; דֶער הַאר (יְהֹוָה) גָאט װֶעט גֶעבֶּען חֵן אוּנְד כָּבוֹד, יְהֹוָה װֶעט נִיט פֶערְמֵיידֶען קֵיין גוּטֶעס פוּן דִיא װָאס גֵייעֶן אִין אוֹיפְרִיכְטִיגְקַייט:

13 אָ יְהֹוָה צְבָאוֹת, װְאוֹיל אִיז דֶעם מֶענְשׁ װֶעלְכֶער פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ אוֹיף דִיר:

תהלים פה

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן קוֹרַח—אֵיין גֶעזַאנְג:

2 דוּא בִּיזְט בֶּעװִילִיגְט גֶעװֶעזֶען צוּ דֵיין לַאנְד אָ יְהֹוָה, דוּא הָאסְט צוּרִיקְ־גֶעקֶעהְרְט דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן יַעֲקֹב:

3 דוּא הָאסְט פֶערְגֶעבֶּען דִיא זִינְד פוּן דֵיין פָאלְק, דוּא הָאסְט צוּגֶעדֶעקְט אַלֶע זֵייעֶרֶע זִינְד, סֶלָה:

4 דוּא הָאסְט אַװֶעקְגֶעטְהוּן דֵיין גַאנְצֶען צָארְן, דוּא הָאסְט דִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט פוּן דֵיין גְרִימְצָארְן:

5 בְּרֶענְג אוּנְס צוּרִיק, אָ גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע הִילְף, אוּנְד פֶערְשְׁטֶער דֵיין צָארְן װָאס אִיז קֶעגֶען אוּנְס:

6 װֶעסְט דוּא דֶען אֵייבִּיג אִיבֶּער אוּנְס צָארְנֶען? זָאל דֵיין צָארְן אוֹיסְ־גֶעצוֹיגֶען װֶערֶען פוּן דוֹר צוּ דוֹר?

7 װֶעסְט דוּא דִיךְ נִיט װִידֶערְקֶעהְרֶען אוּנְס צוּ דֶערְקְװִיקֶען, אַז דֵיין פָאלְק זָאל זִיךְ אִין דִיר פְרֵייעֶן?

8 אָ יְהֹוָה, װֵייז אוּנְס דֵיין חֶסֶד, אוּנְד גִיבּ אוּנְס דֵיינֶע הִילְף:

9 אִיךְ װֶעל הֶערֶען װָאס גָאט, יְהֹוָה װֶעט רֶעדֶען; װָארִין עֶר װֶעט רֶעדֶען שָׁלוֹם צוּ זֵיין פָאלְק, אוּנְד צוּ זֵיינֶע פְרוּמֶע—נָאר זֵייא זָאלֶען זִיךְ נִיט צוּרִיקְ־קֶעהְרֶען צוּ דִיא נַארִישְׁקֵייטֶען:

10 אָבֶּער זֵיינֶע הִילְף אִיז נָאהֶענְט צוּ דִיא װֶעלְכֶע הָאבֶּען מוֹרָא פַאר אִיהְם; כְּדֵי דֶער כָּבוֹד זָאל רוּהֶען אִין אוּנְזֶער לַאנְד:

11 חֶסֶד אוּנְד אֱמֶת װֶעלֶען זִיךְ (צוּזַאמֶען) בֶּעגֶעגֶענֶען, גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד שָׁלוֹם װֶעלֶען זִיךְ קוּשֶׁען:

12 דֶער אֱמֶת װֶעט אוֹיס דֶער עֶרְד שְׁפְּרָאצֶען, אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט װֶעט פוּן דֶעם הִימֶעל אַרָאפּ בְּלִיקֶען:

13 יְהֹוָה װֶעט אוֹיךְ גֶעבֶּען דָאס גוּטֶע, אוּנְד אוּנְזֶער לַאנְד װֶעט אִיהְר פְּרוּכְט גֶעבֶּען:

14 גֶערֶעכְטִיגְקֵייט װֶעט פַאר אִיהְם גֵיין, אוּנְד עֶר װֶעט אוֹיף דֶעם װֶעג אַכְטוּנְג גֶעבֶּען צוּ זֵיינֶע טְרִיט:

תהלים פו

1 אֵיין תְּפִלָּה פוּן דָוִד. אָ יְהֹוָה, נֵייג דֵיינֶע אוֹיעֶרֶען אוּנְד עֶנְטְפֶער מִיר, װָארִין אִיךְ בִּין אָרֶעם אוּנְד נוֹיטְבֶּעדֶערְפְטִיג:

2 בֶּעהִיט מֵיין נֶפֶשׁ, װָארִין אִיךְ בִּין פְרוּם, הֶעלְף דֵיין קְנֶעכְט אָ דוּא מֵיין גָאט, װָאס פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ אִין דִיר:

3 לֵייטְזֶעלִיג מִיךְ אָ יְהֹוָה, װָארִין צוּ דִיר רוּף אִיךְ דֶעם גַאנְצֶען טָאג:

4 דֶערְפְרֵייא דָאס נֶפֶשׁ פוּן דֵיין קְנֶעכְט, װָארִין צוּ דִיר אָ יְהֹוָה, דֶערְהֵייבּ אִיךְ מֵיינֶע זֶעעֶלֶע:

5 װָארִין דוּא יְהֹוָה בִּיזְט גוּט אוּנְד פֶערְגִיבְּסְט, אוּנְד בִּיזְט פוּל מִיט חֶסֶד צוּ אַלֶע װֶעלְכֶע רוּפֶען דִיךְ:

6 פֶערְנֶעם אָ יְהוָה מֵיין תְּפִלָּה,
אוּנְד הֶער צוּ דָאס קוֹל פוּן מֵיין
גֶעבֶּעט׃
7 אִין דֶעם טָאג פוּן מֵיין צָרָה וֶועל
אִיךְ דִיךְ אָנְרוּפֶען, וָוארִין דוּא וֶועסְט
מִיר עֶנְטְפֶערְן׃
8 עֶס אִיז צוּ דִיר קֵיינֶער גְלֵייךְ
אוּנְטֶער דִיא גֶעטֶער אָ יְהוָה, אוּנְד נִיט
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דֵיינֶע מַעֲשִׂים׃
9 אַלֶע גוֹיִם וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט
גֶעמַאכְט וֶועלֶען קוּמֶען אוּנְד וֶועלֶען
זִיךְ בִּיקֶען פַאר דֵיין אָנְגֶעזִיכְט אָ הַאר,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דֵיין נָאמֶען פֶערְ־
הֶערְלִיכֶען׃
10 וָוארִין דוּא בִּיזְט גְרוֹיס אוּנְד
טְהוּסְט וְואוּנְדֶער, דוּא אַלֵיין בִּיזְט גָאט׃
11 לֶערְן מִיךְ דֵיין וֶועג אָ יְהוָה, אוּנְד
אִיךְ וֶועל גֵיין אִין דֵיינֶע וָוארְהֵייט,
פֶערְאֵיינִיג מֵיין הַארְץ, כְּדֵי מוֹרָא צוּ
הָאבֶּען פַאר דֵיין נָאמֶען׃
12 אִיךְ וֶועל דִיר דַאנְקֶען אָ יְהוָה
מֵיין גָאט מִיט מֵיין גַאנְצֶען הַארְץ,
אוּנְד אִיךְ וֶועל דֵיין נָאמֶען אוֹיף
אֵייבִּיג פֶערְהֶערְלִיכֶען׃
13 וָוארִין דֵיין חֶסֶד אִיז גְרוֹיס קֶעגֶען
מִיר, אוּנְד דוּא הָאסְט מֵיין נֶפֶשׁ מַצִּיל
גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען שְׁאוֹל׃
14 אָ גָאט, מוּטְוִוילִיגֶע זֶענֶען קֶעגֶען
מִיר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד אֵיינֶע גֶע־
מֵיינְדֶע פוּן שְׁטַארְקֶע זוּכֶען מֵיין נֶפֶשׁ,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דִיךְ נִיט פָאר זִיךְ
גֶעשְׁטֶעלְט׃
15 אָבֶּער דוּא אָ יְהוָה, דוּא בִּיזְט אַ
בַּארְמְהֶערְצִיגֶער אוּנְד אַ לֵייטְזֶועלִיגֶער
גָאט וָואס דֶערְלֶענְגֶערְט דֶעם צָארְן,
אוּנְד הָאט פִיל חֶסֶד אוּנְד אֶמֶת׃
16 קֶעהְר דִיךְ צוּ מִיר אוּנְד לֵייטְזֶועלִיג
מִיךְ, גִיבּ דֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט צוּ דֵיין
קְנֶעכְט, אוּנְד הֶעלְף דֶעם זוּהְן פוּן
דֵיינֶע דִינְסְט (מַאגְד)׃
17 טְהוּא מִיט מִיר אַ צֵייכֶען צוּם
גוּטֶען, דָאס מֵיינֶע פֵיינְד זָאלֶען עֶס
זֶעהֶען אוּנְד זָאלֶען זִיךְ שֶׁעמֶען!
וָוארִין דוּא אָ יְהוָה, הָאסְט מִיר גֶע־
הָאלְפֶען אוּנְד הָאסְט מִיךְ גֶעטְרֵייסְט׃

### תהלים פז

1 אַיין גֶעזַאנְג פוּן דִיא זִיהְן פוּן
קוֹרַח, אַיין לִיד—זֵיינֶע גְרוּנְדְפֶעסְטוּנְגֶען
זֶענֶען אוֹיף דִיא הֵיילִיגֶע בֶּערְג׃
2 דֶער הַאר (יְהוָה) הָאט לִיבּ דִיא
טוֹיעֶרְן פוּן צִיוֹן, מֶעהְר וִויא אַלֶע
וְואוֹינוּנְגֶען פוּן יַעֲקוֹב׃
3 הֶערְלִיכְקֵייט וֶוערְט פוּן דִיר גֶערֶעט,
דוּא שְׁטָאט פוּן גָאט, סֶלָה׃
4 אִיךְ וֶועל גֶעדֶענְקֶען אָן רַהַב אוּנְד
בָּבֶל אַלְס מֵיינֶע בֶּעקַאנְטֶע, זֶעה,
פְּלֶשֶׁת, אוּנְד צוֹר מִיט כּוּשׁ, דֶער
דָאזִיגֶער אִיז דָארְט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען׃
5 אוּנְד צוּ צִיוֹן וֶועט מֶען זָאגֶען,
דֶער אוּנְד דֶער, מַאן אִיז אִין אִיהְר
גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר, דֶער
הֶעכְסְטֶער וֶועט זִיא בֶּעפֶעסְטִיגֶען׃
6 יְהוָה וֶועט צֵיילֶען, וֶוען עֶר וֶועט
אוֹיפְשְׁרֵייבֶּען דִיא פֶעלְקֶער, אַז דֶער אִיז
דָארְט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, סֶלָה׃
7 אַזוֹי וִויא דִיא זִינְגֶערְס אַזוֹי אוֹיךְ
דִיא טֶענְצֶערְס, (זָאגֶען) אַלֶע מֵיינֶע
קְוַואלֶען זֶענֶען אִין דִיר׃

### תהלים פח

1 אַיין לִיד, אַיין גֶעזַאנְג פוּן דִיא
זִיהְן פוּן קוֹרַח—צוּ דֶעם זִינְגֶער, (אוֹיף
מַחֲלַת לְעַנּוֹת) צוּ דֶערְמוּטִיגֶען זִיךְ וֶועגֶען
קְרַאנְקְהֵייט, אַיינֶע בֶּעטְרַאכְטוּנְג פוּן
הֵימָן, דֶעם אֶזְרָחִי׃

2 אָ יְהוָֹה, דֶער גָאט פוּן מֵיינֶע הִילְף,
אִיךְ הָאבּ פַאר דִיר גֶעשְׁרִיגֶען בֵּייא
טָאג אוּנְד בֵּייא נַאכְט:
3 לָאז מֵיין תְּפִלָּה פַאר דִיר קוּמֶען,
נֵייג דֵיין אוֹיעֶר צוּ מֵיין גֶעזַאנְג (אָדֶער
צוּ מֵיין יָאמֶערְן):
4 וָוארִין מֵיין נֶפֶשׁ אִיז זַאט גֶעוָוארֶען
פוּן שְׁלֶעכְטֶעס, אוּנְד מֵיין לֶעבֶּען הָאט
גֶעגְרֵייכְט צוּ דֶעם שְׁאוֹל:
5 אִיךְ בִּין גֶערֶעכֶענְט מִיט דִיא וָואס
נִידֶערְן אַרָאפּ אִין דֶער גְרוּבּ אַרֵיין,
אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא אַ מַאן
וָואס הָאט נִיט קֵיינֶע קְרַאפְט:
6 אוּנְטֶער דִיא טוֹיטֶע פְרֵייא גֶעלָאזְט,
אַזוֹי וִויא דֶערשְׁלָאגֶענֶע וָואס לִיגֶען אִים
קֶבֶר, אַן וָועלְכֶע דוּא גֶעדֶענְקְסְט נִיט
מֶעהְר, אוּנְד זֵייא זֶענֶען פוּן דֵיינֶע
הַאנְד אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען:
7 דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעלֵייגְט אִין דֶער
אוּנְטֶערשְׁטֶער גְרוּבּ, אִין דִיא פִינְסְטֶערְ־
נִיס, אוּנְד אִין דִיא טִיפֶענִים:
8 דֵיין צָארְן אִיז אָנְגֶעלֶעהְנְט אוֹיף
מִיר, אוּנְד מִיט אַלֶע דֵיינֶע אִינְדֶען
(וָועלְלֶען) הָאסְט דוּא מִיךְ גֶעפֵּיינִיגְט,
סֶלָה:
9 דוּא הָאסְט מֵיינֶע בֶּעקַאנְטֶע דֶערְ־
וֵוייטֶערְט פוּן מִיר, דוּא הָאסְט מִיךְ צוּ
זֵייא גֶעמַאכְט אֵיינֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט,
אִיךְ בִּין אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען אוּנְד קֶען נִיט
אַרוֹיסְגֵיין:
10 מֵיין אוֹיג טְהוּט וֵוייא פוּן וֶועגֶען
מֵיינֶע פְּלָאג; אָ יְהוָֹה, אִיךְ הָאבּ דִיךְ
אַלֶע טָאג גֶערוּפֶען; צוּ דִיר שְׁפְּרֵייט
אִיךְ אוֹיס מֵיינֶע הֶענְד:
11 וֶועסְט דוּא דֶען אוּנְטֶער דִיא
טוֹיטֶע וְואוּנְדֶער טְהוּן? וֶועלֶען דֶען
דִיא רְפָאִים אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד דִיךְ
לוֹיבֶּען? סֶלָה:
12 קֶען מֶען דֶען אִין דֶעם קֶבֶר
דֵיין חֶסֶד דֶערְצֵיילֶען? אָדֶער דֵיינֶע
טְרֵייהֵייט אִין דֶעם אַבַדוֹן:
13 וֶוערֶען דֶען דֵיינֶע וְואוּנְדֶער אִין
דִיא פִינְסְטֶערְנִים בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט?
אָדֶער דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אִין דֶעם
לַאנְד פוּן פֶערְגֶעסֶענְהֵייט?
14 אִיךְ אָבֶער, שְׁרֵייא צוּ דִיר אָ
יְהוָֹה, אוּנְד אִין דֶעם פְרִיהְמָארְגֶען
פֶערֶערְט זִיךְ מֵיינֶע תְּפִלָּה פַאר דִיר:
15 וַוארוּם פֶערְלָאזְט דוּא מֵיין נֶפֶשׁ
אָ יְהוָֹה? דוּא פֶערְבָּארְגְסְט דֵיין
אָנְגֶעזִיכְט פוּן מִיר?
16 אִיךְ בִּין עֶלֶענְד, אוּנְד אִיךְ פֶערְ־
גֵייא פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד, אִיךְ טְרָאג
דֵיינֶע שְׁרֶעק, אוּנְד אִיךְ בִּין פֶערְצְוֵוייפֶעלְט:
17 דֵיין גְרִימְצָארְן אִיז אִיבֶּער מִיר
אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, דֵיינֶע שְׁרֶעקֶען הָאבֶּען
מִיךְ אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען:
18 זֵייא הָאבֶּען מִיךְ דֶעם גַאנְצֶען
טָאג אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט אַזוֹי וִויא וַואסֶער,
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶען אַרוּם מִיר
אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט:
19 דוּא הָאסְט דֶערְוֵוייטֶערְט פוּן מִיר
לִיבְּהָאבֶער אוּנְד פְרֵיינְד, מֵיינֶע בֶּעקַאנְטֶע זֶענֶען אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִים:

תהלים פט

1 אֵיינֶע בֶּעטְרַאכְטוּנְג פוּן אֵיתָן דֶעם
אֶזְרָחִי:
2 אִיךְ וֶועל אֵייבִּיג זִינְגֶען פוּן דִיא
חַסָדִים פוּן יְהוָֹה, פוּן דוֹר צוּ דוֹר
וֶועל אִיךְ מִיט מֵיין מוֹיל דֵיינֶע טְרֵייהֵייט בֶּעקַאנְט מַאכֶען:
3 וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, דִיא
גְנַאדֶע וֶועט אוֹיף אֵייבִּיג אוֹיפְגֶעבּוֹיעְט

וָוערֶען, דִיא הִימֶעל–אִין זַייא וֶועסְט
דוּא דֵיינֶע טְרֵייהֵייט בֶּעפֶעסְטִיגֶען:
4 אִיךְ הָאבּ אַיין בּוּנְד גֶעמַאכְט
מִיט מֵיין אוֹיסְדֶערְוָויילְטֶען, אִיךְ הָאבּ
גֶעשְׁוְואוֹירֶען צוּ מֵיין קְנֶעכְט דָוִד:
5 אִיךְ וֶועל אוֹיף אֵייבִּיג דֵיינֶע זָאמֶען
(קִינְדֶער) בֶּעפֶעסְטִיגֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל
דֵיין שְׁטוּהְל פוּן דוֹר צוּ דוֹר אוֹיפְבּוֹיעֶן,
סֶלָה:
6 אוּנְד דִיא הִימֶעל וֶועלֶען דֵיינֶע
וְואוּנְדֶער לוֹיבֶּען, אָ יְהוָֹה, אוֹיךְ דֵיינֶע
טְרֵייעֶ אִין דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן דִיא
הֵיילִיגֶע:
7 וָוארִין וֶוער אִים הִימֶעל קֶען גְלֵייךְ
זַיין צוּ יְהוָֹה, וֶוער קֶען גְלֵייךְ זַיין צוּ
יְהוָֹה, אוּנְטֶער דִיא שְׁטַארְקֶע זוּהְן
(מַלְאָכִים)?
8 גָאט אִיז שְׁטַארְק אִין דֶער גְרוֹיסֶען
פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן דִיא הֵיילִיגֶע, אוּנְד
אִיז פָארְכְטִיג אִיבֶּער אַלֶע דִיא וָואס
זֶענֶען אַרוּם אִיהְם:
9 אָ יְהוָֹה, דֶער גָאט פוּן דִיא הֶערְ־
שַׁארֶען, וֶוער אִיז וִויא דוּא, אַיין
שְׁטַארְקֶער יָהּ? אוּנְד דֵיינֶע טְרֵייהֵייט
רִינְגֶעלְט דִיךְ אַרוּם:
10 דוּא גֶעוָועלְטִיגְסְט אִיבֶּער דֶעם
שְׁטָאלְצֶען יַם, וֶוען זַיינֶע אִינְדֶען דֶערְ־
הֵייבֶּען זִיךְ, אַזוֹי מַאכְסְט דוּא זַייא
שְׁטִיל:
11 דוּא הָאסְט רָהַב צוּשְׁטוֹיסֶען וִויא
אַיין דֶערשְׁלָאגֶענֶעם, דוּרְךְ דֵיין שְׁטַארְ־
קֶען אָרֶעם הָאסְט דוּא דֵיינֶע פֵיינְד
צוּשְׁפְּרֵייט:
12 צוּ דִיר גֶעהֶערֶען דִיא הִימֶעל, צוּ
דִיר גֶעהֶערְט אוֹיךְ דִיא עֶרְד, דִיא
וֶועלְט אוּנְד אִיהְרֶע פוּלְהֵייט, דוּא
הָאסְט זַייא גֶעגְרוּנְדְפֶעסְטִיגְט:
13 צָפוֹן אוּנְד יָמִין (דָרוֹם), דוּא
הָאסְט זַייא בֶּעשַׁאפֶען, תָּבוֹר אוּנְד
חֶרְמוֹן זִינְגֶען אִין דֵיין נָאמֶען:
14 צוּ דִיר גֶעהֶערְט דֶער אָרֶעם אוּנְד
דִיא שְׁטַארְקְהֵייט, דֵיינֶע הַאנְד אִיז
שְׁטַארְק דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אִיז דֶערְ־
הוֹיבֶּען:
15 גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד מִשְׁפָּט זֶענֶען
דִיא גְרוּנְדְפֶעסְטֶען פוּן דֵיין שְׁטוּהְל, חֶסֶד
אוּנְד אֱמֶת זֶענֶען פָאר דֵיין אָנְגֶעזִיכְט:
16 וָואוֹיל אִיז דֶעם פָאלְק וָועלְכֶעס
קֶענְט דִיא שַׁאלוּנְג; אָ יְהוָֹה, זַייא
וֶועלֶען גֵיין אִין דֶעם לִיכְט פוּן דֵיין
אָנְגֶעזִיכְט:
17 אִין דֵיין נָאמֶען וֶועלֶען זַייא זִיךְ
דֶעם גַאנְצֶען טָאג פְרֵייעֶן, אוּנְד זַייא
וֶועלֶען דוּרְךְ דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
דֶערְהֵייכְט וָוערֶען:
18 וָוארִין דוּא בִּיזְט דִיא שֵׁיינְקֵייט
פוּן זַיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט, אוּנְד דוּרְךְ
דֵיין וִוילֶען אִיז אוּנְזֶער הָארְן דֶערְ־
הוֹיבֶּען:
19 וָוארִין צוּ יְהוָֹה גֶעהֶערְט אוּנְזֶער
שׁוּטְץ, אוּנְד צוּ דֶעם הֵיילִיגֶען פוּן
יִשְׂרָאֵל, אוּנְזֶער קֶענִיג:
20 דֶענְסְטְמָאל הָאסְט דוּא גֶערֶעט
דוּרְךְ (נְבוּאָה) עֶרְשֵׁיינוּנְג צוּ דֵיינֶע
פְרוּמֶע, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט, אִיךְ
הָאבּ גֶעלֵייגְט הִילְף אוֹיף אַיין שְׁטַארְ־
קֶען, אִיךְ הָאבּ דֶערְהוֹיבֶּען אַיין אוֹיסְ־
דֶערְוָויילְטֶען פוּן דֶעם פָאלְק:
21 אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען מֵיין קְנֶעכְט
דָוִד, מִיט מֵיין הֵיילִיגֶען אֵייל הָאבּ
אִיךְ אִיהְם גֶעזַאלְבְּט:
22 דָאס מֵיינֶע הַאנְד זָאל מִיט אִיהְם
פֶעסְט זַיין, אוֹיךְ זָאל מֵיין אָרֶעם אִיהְם
שְׁטַארְקֶען:

23 קֵיין פֵיינְד זָאל אַן אִיהְם דְרֶענְגֶען,
אוּנְד דֶער זוּהְן פוּן אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט
זָאל אִיהְם נִיט פֵּיינִיגֶען:
24 אָבֶּער אִיךְ וֶועל זֵיינֶע בֶּעדְרֶענְגֶער
פַאר אִיהְם צוּשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד זֵיינֶע
שׂוֹנְאִים וֶועל אִיךְ פְּלָאגֶען:
25 אוּנְד מֵיינֶע טְרֵייהֵייט אוּנְד מֵיין
חֶסֶד וֶועט מִיט אִיהְם זֵיין, אוּנְד אִין
מֵיין נָאמֶען וֶועט זֵיין הָארְן דֶערְהֵייבְּט
וֶוערֶען:
26 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵיינֶע הַאנְד לֵייגֶען
אַן דֶעם יַם, אוּנְד זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד
אַן דִיא טֵייכֶען:
27 עֶר וֶועט מִיךְ אָנְרוּפֶען, דוּא בִּיזְט
מֵיין פָאטֶער, מֵיין גָאט, אוּנְד דֶער
פֶעלְז פוּן מֵיינֶע הִילְף:
28 אִיךְ הָאבּ אִיהְם אוֹיךְ גֶעמַאכְט
פַאר אַ בְּכוֹר, צוּ דֶעם הֶעכְסְטֶען
אִיבֶּער דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד:
29 אִיךְ וֶועל מֵיין חֶסֶד צוּ אִיהְם אוֹיף
אֵייבִּיג הִיטֶען, אוּנְד מֵיין גֶעטְרֵייעֶר
בְּרִית וֶועט מִיט אִיהְם בְּלֵייבֶּען:
30 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵיינֶע זָאמֶען
(קִינְדֶער) אוֹיף אֵייבִּיג גֶעבֶּען, אוּנְד
זֵיין שְׁטוּהְל אַזוֹי וְויא דִיא טֶעג פוּן
דֶעם הִימֶעל:
31 וֶוען זֵיינֶע קִינְדֶער וֶועלֶען מֵיינֶע
תּוֹרָה פֶערְלָאזֶען, אוּנְד וֶועלֶען נִיט גֵיין
אִין מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים:
32 וֶוען זֵייא וֶועלֶען מֵיינֶע חֻקִּים
פֶערשְׁוַואכֶען, אוּנְד מֵיינֶע מִצְוֹת וֶועלֶען
זֵייא נִיט הִיטֶען:
33 אַזוֹי וֶועל אִיךְ בֶּעשְׁטְרָאפֶען זֵיירֶע
זִינְד מִיט אַ רוּט, אוּנְד זֵיירֶע אוּמְגֶערֶעכְ־
טִיגְקֵייט מִיט פְּלָאגֶען:
34 אָבֶּער מֵיין חֶסֶד וֶועל אִיךְ פוּן
אִיהְם נִיט פֶערשְׁטֶערֶען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל נִיט פֶעלְשֶׁען אִין מֵיינֶע טְרֵייהֵייט:
35 אִיךְ וֶועל מֵיין בְּרִית נִיט פֶערשְׁוַואַ־
כֶען, אוּנְד דָאס וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
פוּן מֵיינֶע לִיפֶּען וֶועל אִיךְ נִיט
פֶערְעֶנְדֶערְן:
36 אֵיין מָאל הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁוְואוֹירֶען
בֵּייא מֵיינֶע הֵיילִיגְקֵייט, דָאס אִיךְ וֶועל
נִיט צוּ דָוִד לֵייקֶענֶען:
37 זֵיין נָאמֶען זָאל אוֹיף אֵייבִּיג
בְּלֵייבֶּען, אוּנְד זֵיין שְׁטוּהְל זָאל פַאר
מִיר זֵיין אַזוֹי וְויא דִיא זוּן:
38 עֶר וֶועט אוֹיף אֵייבִּיג פֶעסְט
בְּלֵייבֶּען, אַזוֹי וְויא דִיא לְבָנָה וָואס
אִיז אֵיין טְרֵייעֶר עֵדוּת אִין דֶעם וָואלְקֶען,
סֶלָה:
39 אָבֶּער דוּא הָאסְט פֶערְלָאזְט אוּנְד
הָאסְט פֶערְמִיאוּסְט, דוּא הָאסְט דִיךְ
דֶערְצָארְנְט וֶועגֶען דֵיין גֶעזַאלְבְּטֶען:
40 דוּא הָאסְט פֶערְוָוארְפֶען דֶעם
בְּרִית פוּן דֵיין קְנֶעכְט, דוּא הָאסְט בִּיז
צוּ דֶער עֶרְד זֵיינֶע קְרוֹין פֶערשְׁוַואכְט:
41 דוּא הָאסְט צוּבְּרָאכֶען אַלֶע זֵיינֶע
צוֹימֶען, דוּא הָאסְט גֶעמַאכְט זֵיינֶע
פֶעסְטוּנְגֶען אֵיינְגֶעבְּרָאכֶען:
42 אַלֶע וָואס פָארֶען אִיבֶּער דֶעם
וֶועג הָאבֶּען אִיהְם בֶּערוֹיבְּט, עֶר אִיז
גֶעוָוארֶען אַ חֶרְפָּה צוּ זֵיינֶע שְׁכֵנִים:
43 דוּא הָאסְט דֶערְהוֹיבֶּען דִיא רֶעכְטֶע
הַאנְד פוּן זֵיינֶע בֶּעלֵיידִיגֶער, דוּא
הָאסְט דֶערְפְרֵייט אַלֶע זֵיינֶע פֵיינְד:
44 דוּא הָאסְט אוֹיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט
דִיא שַׁארְף פוּן זֵיין שְׁוֶוערְד, אוּנְד דוּא
הָאסְט אִיהְם נִיט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אִין
דֶער מִלְחָמָה:
45 דוּא הָאסְט אִיהְם צוּשְׁטֶערְט פוּן
זֵיינֶע רֵיינְקֵייט, אוּנְד זֵיין שְׁטוּהְל הָאסְט
דוּא צוּ דֶער עֶרְד גֶעשְׁטִירְצְט:

46 דוא האסט פערקירצט די טעג
פון זיינע יוגענד, דוא האסט איהם
בעדעקט מיט שאנד, סלה:
47 ביז וויא לאנג א יהוה, וועסט דוא
דיך אויף אייביג בעהאלטען? אונד
זאל דיין צארן ברענען אזוי וויא א
פייער?
48 געדענק אן מיר, וואס איז די
לעבענסצייט! ווארום זאלסט דוא
אומזונסט אלע מענשען־קינדער בע־
שאפען:
49 ווער איז דער מענש וועלכער
לעבט, אונד וועט דעם טויט ניט
זעהען? ווער קען זיין נפש מאכען
ענטרינען פון דעם שאול? סלה:
50 אוואו זענען דיינע ערשטע חסדים
א האר, וועלכע דוא האסט אין דיינע
טריי׳הייט געשוואוירען צו דוד?
51 געדענק א האר, די חרפה פון
דיין קנעכט, דאס איך טראג אין מיין
שויס, פון פילע שטארקע פעלקער:
52 מיט וועלכע דיינע פיינד לעסטערן
א יהוה, מיט וועלכע זייא לעסטערן
די טריט פון דיין געזאלבטען:
53 געלויבט איז יהוה אויף אייביג,
אמן אונד אמן:

# ספר רביעי

## תהלים צ

1 איין תפלה פון משה, דער מאן
פון גאט; א האר, דוא ביזט געוועזען
אונזערע וואוינונג פון דור צו דור:
2 איידער די בערג זענען געבוירען
געווארען, אונד (בעפאר) דוא האסט
די ערד אונד די וועלט בעשאפען, פון
אייביגקייט ביז צו אייביגקייט ביזט דוא
גאט:
3 דוא קעהרסט דעם מענש צוריק
ביז צו פערשטויסונג, (שטויב), אונד
דוא זאגסט, טהוט תשובה איהר
מענשען־קינדער:
4 ווארין טויזענד יאהר אין דיינע
אויגען זענען אזוי וויא דער נעכטיגער
טאג, וואס ער איז אריבערגעגאנגען,
אונד וויא איינע וואך אין דער נאכט:
5 דוא האסט זייא אוועקגעשטראמט,
זייא זענען וויא איין שלאף, אין דעם
פריהמארגען זענען זייא אזוי וויא
דאס גראז וואס פערגייט:
6 אין דער פריה שפראצט עס אויף אונד
פערגייט, אונד אם אבענד ווערט עס
אפגעשניטען אונד פערטריקענט:
7 ווארין מיר ווערען פערלענדט דורך
דיין צארן, אונד דורך דיין גרימצארן
ווערען מיר דערשראקען:
8 דוא האסט אונזערע זינד געטהון
קעגען דיר, אונזערע פערבארגענע
(זינד) צו דעם ליכט פון דיין אנגע־
זיכט:
9 ווארין אלע אונזערע טעג קעהרען
זיך אוועק דורך דיין גרימצארן מיר
האבען פערלענדט אונזערע יאהרען
אזוי וויא איין זיפצער (אדער געדאנק):
10 די טעג פון אונזערע יאהרען
זענען זיבעציג יאהר, אונד דורך די
שטארקהייט זענען זייא אכציג יאהר,
דאך איז זייער קראפט מיריגקייט
אונד קומער, ווארין דאס לעבען
ווערט שנעל פערשניטען, אונד מיר
פליהען אוועק:

11 װער װײסט דיא שטאַרקהײט פון דײן צאָרן? אונד אַזױ װיא דײנע מורא (אַזױ איז אױך) דײן צאָרן:

12 אַזױ מאַך אונס װיסען דיא צײט פון אונזערע טעג, כדי מיר זאָלען אונזער האַרץ ברענגען צו חכמה:

13 אָ יהוה, קעהר װידער, ביז װיא לאַנג? אונד בעדענק דיך איבער דײנע קנעכט:

14 מאַך אונס אַם פריהמאָרגען זאַט מיט דײן חסד, אונד מיר װעלען זינגען, אונד זיך פרײען אַלע אונזערע טעג:

15 דערפרײא אונס נאָך דיא טעג אין װעלכע דוא האָסט אונס געפּײניגט, דיא יאָהרען אין װעלכע מיר האָבען שלעכטעס געזעהען:

16 לאָז דאָך צו דײנע קנעכט דײן װערק בעװיזען װערען, אונד דײנע הערליכקײט איבער זײערע קינדער:

17 אונד לאָז דאָך דיא זיסקײט פון יהוה, אונזער גאָט, איבער אונס זײן! אונד בעפעסטיג דיא מעשים פון אונזערע הענד איבער אונס, יאָ דיא מעשים פון אונזערע הענד זאָלסט דוא בעפעסטיגען:

## תהלים צא

1 דער װעלכער זיצט אים פערבאָרגענעם פון דעם העכסטען, דער װעט בלײבען װאױנען אין דעם שאָטען פון דעם אַלמעכטיגען:

2 איך װעל זאָגען צו יהוה (דוא ביזט) מײנע בעשיצונג אונד מײנע פעסטונג, מײן גאָט, אין דעם װאָס איך פערזיכער מיך:

3 װאָרין ער װעט דיך מציל זײן פון דעם נעץ פון דעם פױגעלפאַנגער, פון דעם שעדליכען מאָרד:

4 ער װעט דיך בעדעקען מיט זײנע פליגעלן, אונד אונטער זײנע פליגעלן װעסט דוא דיך בעשיצען, זײנע טרײהײט איז װיא אײן פאַנצער אונד שילד:

5 דוא װעסט ניט מורא האָבען פאַר דער פאָרכט פון דער נאַכט, פאַר דיא פײל װעלכע פליהט בײא טאָג:

6 פאַר דעם מאָרד װעלכער גײט אין דער פינסטערניס, פאַר דיא פערװיסטונג, װעלכע בערױבט אין מיטען טאָג:

7 טױזענד װעלען אַן דײנע זײט פאַלען, אונד צעהן טױזענד אַן דײנע רעכטע האַנד–אָבער צו דיר װעט עס ניט גענעהען:

8 נור מיט דײנע אױגען װעסט דוא עס בליקען, דוא װעסט זעהען דיא בעצאָהלונג פון דיא רשעים:

9 װײל דוא, אָ יהוה, ביזט מײנע בעשיצונג, דוא האָסט דעם העכסטען געמאַכט צו דײנע װאױנונג:

10 אַזױ װעט דיך קײן שלעכטעס ניט טרעפען, אונד קײנע פלאָג װעט זיך ניט צו דײן געצעלט גענעהענען:

11 װאָרין ער האָט זײנע מלאכים פון דײנעט װעגען בעפױלען, דאָס זײא זאָלען דיך אין אַלע דײנע װעגען בעהיטען:

12 אױף דיא הענד װעלען זײא דיך טראָגען, דאָס דוא זאָלסט ניט דײן פוס אַן אײן שטײן אָנשטױסען:

13 אױף לײבען אונד אױף אָטערשלאַנגען װעסט דוא טרעטען, דוא װעסט צוטרעטען יונגע לײבען אונד שלאַנגען:

14 װײל עֶר הָאט אַן מִיר לוּסְט,
אַזוי װֶעל אִיךְ אִיהְם מַצִּיל זַיין, אִיךְ
װֶעל אִיהְם דֶערְהֵייבֶּען װײל עֶר הָאט
גֶעקֶענְט מֵיין נָאמֶען :
15 עֶר װֶעט מִיךְ אָנְרוּפֶען, אוּנְד אִיךְ
װֶעל אִיהְם עֶנְטְפֶערְן, אִיךְ װֶעל מִיט
אִיהְם זַיין אִין אֵיין צָרָה, אִיךְ װֶעל
אִיהְם אַרױסְהֶעלְפֶען אוּנְד אִיךְ װֶעל
אִיהְם בְּכָבוֹד הַאלְטֶען :
16 מִיט לַאנְגֶע טֶעג װֶעל אִיךְ אִיהְם
זַאט מַאכֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל אִיהְם
װײזֶען מֵיינֶע הִילְף :

## תהלים צב

1 אֵיין גֶעזַאנְג-אֵיין שִׁיר פַאר דֶעם
שַׁבָּת טָאג :
2 עֶס אִיז גוּט צוּ דַאנְקֶען דֶעם הַאר
(יְהוָֹה) אוּנְד צוּ זִינְגֶען צוּ דֶעם נָאמֶען
פוּן דֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶען :
3 צוּ דֶערְצֵיילֶען אַם פְרִיהְמָארְגֶען פוּן
דֵיין חֶסֶד, אוּנְד פוּן דֵיינֶע טְרֵייהֵייט
אִין דִיא נֶעכְט :
4 אוֹיף אֵיין צֶעהְן זֵייטִינֶען כְּלֵי-זֶמֶר
אוּנְד אוֹיף אֵיינֶע פִידֶעל, אוֹיף הִגָּיוֹן
מִיט אֵיינֶע הַארְף :
5 װָארִין דוּא הָאסְט מִיךְ דֶערְפְרֵייט
אָ יְהוָֹה מִיט דֵיינֶע װֶערְק, װֶעגֶען דִיא
מַעֲשִׂים פוּן דֵיינֶע הֶענְד װֶעל אִיךְ
זִינְגֶען :
6 װִיא גְרוֹיס זֶענֶען דֵיינֶע מַעֲשִׂים אָ
יְהוָֹה ! דֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען זֶענְען זֶעהְר
טִיף :
7 אֵיין אוּנְװִיסֶענְדֶער מֶענְשׁ װֵייסְט
עֶס נִיט, אוּנְד דֶער נַאר פֶערְשְׁטֵייט
עֶס נִיט :
8 װֶען דִיא רְשָׁעִים בְּלִיהֶען אוֹיף אַזוי
װִיא דָאס גְרָאז, אוּנְד אַלֶע דִיא װָאס
טְהוּן אוּמְרֶעכְט שְׁפְּרָאצֶען אוֹיף, כְּדֵי
זֵייא זָאלֶען אוֹיף אִימֶער אוּנְד אֵייבִּיג
פֶערְטִילְגְט װֶערֶען :
9 אָבֶּער דוּא, אָ יְהוָֹה, בִּיזְט אוֹיף
אֵייבִּיג דֶערְהוֹיבֶּען :
10 װָארִין זֶעה דֵיינֶע פֵיינְד, אָ גָאט,
װָארִין זֶעה דֵיינֶע פֵיינְד װֶעלֶען פֶערְ-
לוֹירֶען װֶערֶען, אַלֶע װָאס טְהוּן אוּמְ-
רֶעכְט װֶעלֶען פֶערשְׁפְּרֵייט װֶערֶען :
11 אָבֶּער דוּא הָאסְט דֶערְהוֹיבֶּען מֵיין
הָארְן װִיא דָאס הָארְן פוּן אַ װִיזֶעל-
טִיר, אִיךְ װֶעל גֶעזַאלְבְּט װֶערֶען מִיט
פְרִישֶׁעם בּוֹימְאֵייל :
12 אוּנְד מֵיין אוֹיג װֶעט אָנְקוּקֶען
דִיא װָאס זֶענֶען מֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד
װֶען דִיא שְׁלֶעכְטֶע לֵייט זֶענֶען קֶעגֶען
מִיר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אַזוי הָאבֶּען עֶס
מֵיינֶע אוֹירֶען גֶעהֶערְט :
13 דֶער צַדִּיק װֶעט בְּלִיהֶען אַזוי װִיא
אַ טֵייטֶעל-בּוֹים, עֶר װֶעט װַאקְסֶען אַזוי
װִיא אַ טֶעגֶענְבּוֹים אִין לְבָנוֹן :
14 דִיא װָאס זֶענֶען גֶעפְּלַאנְצְט אִין
דֶעם הוֹיז פוּן גָאט װֶעלֶען בְּלִיהֶען אִין
דִיא פָארְהוֹיפֶען פוּן אוּנְזֶער גָאט :
15 זֵייא װֶעלֶען נָאךְ הָאבֶּען קִינְדֶער
אִין זֵייעֶרֶע עֶלְטֶער, זֵייא װֶעלֶען זַיין
פֶעט אוּנְד צְװֵייגֶענְדִיג :
16 כְּדֵי צוּ דֶערְצֵיילֶען אַז יְהוָֹה אִיז
רֶעכְטפַארְטִיג, עֶר אִיז מֵיין פֶעלְז אוּנְד
אִין אִיהְם אִיז נִיט דָא קֵיין אוּמְ-
רֶעכְט :

## תהלים צג

1 גָאט הָאט רֶעגִיעֶרְט, עֶר הָאט זִיךְ
אָנְגֶעקְלֵייד מִיט מַאיֶעסְטֶעט, יְהוָֹה
הָאט זִיךְ אָנְגֶעקְלֵייד מִיט שְׁטַארְקְ-
הֵייט, עֶר הָאט אוֹיךְ אָנְגֶעבְּרֵייט
דִיא װֶעלְט אַז זִיא זָאל זִיךְ נִיט
אוֹיסְגְלִיטְשֶׁען :

2 דֵיין שְׁטוּהְל אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט פוּן
לַאנְג, פוּן אֵייבִּיג אָן בִּיזְט דוּא:
3 דִיא טֵייכֶען הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען,
אָ יְהוָֹה! דִיא טֵייכֶען הָאבֶּען אוֹיפְגֶע־
הוֹיבֶּען זֵייעֶר קוֹל, דִיא טֵייכֶען הָאבֶּען
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶר לֶערְם:
4 גָאט אִין דֶער הֵייךְ אִיז שְׁטַארְקֶער
וִויא דִיא קוֹלוֹת פוּן פִילֶע וַואסֶערְן,
אוּנְד מֶעכְטִיגֶער פוּן דִיא בְּרֶעכֶענְדִיגֶע
אִינְדֶען פוּן דֶעם יַם:
5 דֵיינֶע עֵדוּת זֶענֶען זֶעהְר בֶּעגְלֵייבְּט,
הֵיילִיגְקֵייט פַּאסְט צוּ דֵיין הויז, אָ יְהוָֹה
אוֹיף אֵייבִּיג:

## תהלים צד

1 אָ יְהוָֹה, דוּא בִּיזְט אַ גָאט צוּ
וֶועמֶען עֶס גֶעהֶערְט נְקָמוֹת! אָ גָאט
צוּ וֶועמֶען עֶס גֶעהֶערְט נְקָמוֹת מַאךְ
דִיךְ שֵׁיינֶען:
2 דֶערְהֵייבּ דִיךְ דוּא רִיכְטֶער פוּן דֶער
עֶרְד, בֶּעצָאהְל אַ שְׂכַר צוּ דִיא
שְׁטָאלְצֶע:
3 בִּיז וִויא לַאנְג וֶועלֶען דִיא רְשָׁעִים
גֶעוֶועֶרֶען אָ גָאט? בִּיז וִויא לַאנְג
וֶועלֶען זִיךְ דִיא רְשָׁעִים פְרֵייעֶן?
4 (בִּיז וִויא לַאנְג) וֶועלֶען זֵייא זָאגֶען
אוּנְד רֶעדֶען שְׁטַארְקֶע זַאכֶען? אַלֶע
וָואס טְהוּן אוּמְרֶעכְט בֶּערִימֶען זִיךְ:
5 זֵייא צוּשְׁטוּיסֶען דֵיין פָאלְק אָ גָאט,
אוּנְד זֵייא פֵּיינִיגֶען דֵיין נַחֲלָה:
6 דִיא אַלְמָנָה אוּנְד דֶעם גֵר הַרְגְנ'ן
זֵייא, אוּנְד זֵייא מָארְדֶען דִיא יְתוֹמִים:
7 אוּנְד דָאךְ זָאגֶען זֵייא אַז גָאט
זֶעהְט עֶס נִיט, אוּנְד דֶער גָאט פוּן
יַעֲקֹב פֶערְשְׁטֵייט עֶס נִיט:
8 פֶערְשְׁטֵייט דָאס, אִיהְר לֵיידִיגֶע פוּן
דֶעם פָאלְק, אוּנְד וֶוען וֶועט אִיהְר
קְלוּג וֶוערֶען אִיהְר נַארוֹנִים?
9 דֶער וָואס הָאט גֶעפְּלַאנְצְט דָאס
אוֹיעֶר זָאל דֶער נִיט הֶערֶען? אָדֶער
זָאל דֶער וָואס הָאט בֶּעשַׁאפֶען דָאס
אוֹיג נִיט קוּקֶען?
10 זָאל נִיט דֶער וָואס שְׁטְרָאפְט
פֶעלְקֶער צוּ רֶעכְט וַוייזֶען? דֶער וָואס
לֶערְנְט מֶענְשֶׁען וִויסֶענְשַׁאפְט (זָאל דֶער
נִיט וִויסֶען)?
11 גָאט וֵוייסְט דָאךְ דִיא גֶעדַאנְקֶען
פוּן דִיא מֶענְשֶׁען אַז זֵייא זֶענֶען
נַארִישׁ:
12 וָואוֹיל אִיז דֶעם מֶענְשׁ וָואס גָאט
שְׁטְרָאפְט אִיהְם, אוּנְד לֶערְנְט אִיהְם
פוּן דֵיינֶע תּוֹרָה:
13 כְּדֵי דוּא זָאלְסְט אִיהְם גֶעבֶּען רוּהֶע
אִין דִיא שְׁלֶעכְטֶע טֶעג, בִּיז דִיא גְרוּבּ
אִיז אוֹיסְגֶעגְרָאבֶּען פַאר דֶעם רָשָׁע:
14 וָוארִין גָאט וֶועט נִיט פֶערְלָאזֶען
זֵיין פָאלְק, אוּנְד זֵיין נַחֲלָה וֶועט עֶר
אוֹיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען:
15 בִּיז דָאס מִשְׁפָּט וֶועט צוּרִיקְ־
קֶעהְרֶען מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד
אַלֶע וָואס זֶענֶען רֶעכְטְפַארְטִיג אִין
דֶעם הַארְץ וֶועלֶען נָאכְפָאלְגֶען:
16 וֶוער וֶועט פַאר מִיר אוֹיפְשְׁטֵיין
קֶעגֶען דִיא שְׁלֶעכְטֶע? אָדֶער וֶוער וֶועט
פַאר מִיר אוֹיפְשְׁטֵיין קֶעגֶען דִיא וָואס
טְהוּן אוּמְרֶעכְט?
17 וֶוען גָאט וָואלְט נִיט גֶעוֶועזֶען
מֵיינֶע הִילְף, אַזוֹי וָואלְט מֵיין נֶפֶשׁ
כִּמְעַט אוּמְגֶעקוּמֶען:
18 וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט אַז מֵיין
פוּס גְלִיטְשְׁט זִיךְ אוֹיס, אַזוֹי הָאט מִיךְ
דֵיין חֶסֶד אָ גָאט אוּנְטֶערְגֶעלֶעהְנְט:
19 דוּרְךְ מֵיין פִיל טְרַאכְטֶען אִין מִיר,
טְהוּן מִיךְ דֵיינֶע טְרֵייסְטוּנְגֶען דֶערְ־
פְרֵייעֶן:

20 זָאל דֶער טְרוֹין־שְׁטוּהְל פוּן אוּמְ־רֶעכְט זַיין דַיין חָבֵר, אִיטְלִיכֶער פוּן זַייא בֶּעשַׁאפֶּען מִידִינְקַייט פַאר אַ חוֹק:

21 זַייא זַאמֶעלְן זִיךְ צוּזַאמֶען אוֹיף דֶעם נֶפֶשׁ פוּן דֶעם צַדִיק, אוּנְד זַייא בֶּעשׁוּלְדִיגֶען דָאס אוּמְשׁוּלְדִיגֶע בְּלוּט:

22 אָבֶּער יְהוָה אִיז מֵיינֶע בֶּעשִׁיצוּנְג, אוּנְד מֵיין גָאט אִיז דֶער פֶעלְז פוּן מֵיינֶע בֶּעשִׁיצוּנְג:

23 אוּנְד עֶר װֶעט צוּ זַייא אוּמְקֶעהְרֶען זַייעֶר אֵייגֶענֶעם אוּמְרֶעכְט, אוּנְד אִין זַייעֶר שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט װֶעט עֶר זַייא פֶערשְׁנֵיידֶען, יוא, יְהוָה אוּנְזֶער גָאט װֶעט זַייא פֶערשְׁנֵיידֶען:

## תהלים צה

1 אוֹי, קוּמְט אוּנְד לָאמֶער זִינְגֶען צוּ גָאט, לָאמֶער שַׁאלֶען צוּ דֶעם פֶעלְז פוּן אוּנְזֶערֶע הִילְף:

2 לָאמֶער קוּמֶען פַאר זַיין פָּנִים מִיט דַאנְק, אוּנְד לָאמֶער שַׁאלֶען צוּ אִיהְם מִיט גֶעזַאנְג:

3 װָארִין יְהוָה אִיז אַ גְרוֹיסֶער גָאט, אוּנְד אַ גְרוֹיסֶער קֶענִיג אִיבֶּער אַלֶע גֶעטֶער:

4 אִין זַיינֶע הַאנְד זֶענֶען דִיא אוֹיסְ־פָארְשׁוּנְגֶען פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד דִיא הֵייךְ פוּן דִיא בֶּערְג זֶענֶען אוֹיךְ זַיין:

5 צוּ אִיהְם גֶעהֶערְט דָאס יַם אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט, אוּנְד זַיינֶע הֶענְד הָאבֶּען בֶּעשַׁאפֶען דִיא טְרִיקֶענִים:

6 אוֹי קוּמְט, לָאמִיר זִיךְ בִּיקֶען אוּנְד אַנִידֶערקְנִיאֶען, לָאמִיר קְנִיעֶן פַאר יְהוָה אוּנְזֶער בֶּעשֶׁעפֶער:

7 װָארִין עֶר אִיז אוּנְזֶער גָאט, אוּנְד מִיר זֶענֶען דָאס פָאלְק פוּן זַיינֶע װֵיידוּנְג אוּנְד דִיא שָׁאף פוּן זַיינֶע הַאנְד; הַיינְט װֶען אִיהְר װֶעט הֶערֶען אִין זַיין קוֹל:

8 זָאלְט אִיהְר נִיט הַארְט מַאכֶען אֵיירֶע הֶערְצֶער אַזוֹי װִיא בַּייא מֵי־מְרִיבָה, אַזוֹי װִיא אִין דֶעם טָאג װֶען אִיהְר הָאט מִיךְ גֶעפְּרוּפְט אִין דֶער מִדְבָּר:

9 װֶען אֵיירֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶען מִיךְ גֶעפְּרוּפְט, זַייא הָאבֶען מִיךְ גֶעפְּרוּפְט חָאטְשֶׁע זַייא הָאבֶען גֶעזֶעהֶען מֵיינֶע מַעֲשִׂים:

10 פֶערְצִיג יָאהְר הָאב אִיךְ אוֹיסְגֶע־הַאלְטֶען מִיט דֶעם דוֹר, אוּנְד אִיךְ הָאב גֶעזָאגְט, דָאס אִיז אַ פָאלְק װָאס זַייא פֶערְאִירֶען זִיךְ אִין זַייעֶר הַארְץ, װָארִין זַייא װֵייסֶען נִיט מֵיינֶע װֶעגֶען:

11 אִיךְ הָאב גֶעשְׁװאוֹירֶען אִין מֵיין צָארְן, אַז זַייא זָאלֶען נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אִין מֵיינֶע רוּהוּנְג:

## תהלים צו

1 זִינְגְט צוּ גָאט אַ נֵייעֶס לִיד, זִינְגְט צוּ גָאט דִיא גַאנְצֶע װֶעלְט:

2 זִינְגְט צוּ גָאט, בֶּענְשְׁט זַיין נָאמֶען, זַייט מְבַשֵּׂר פוּן טָאג צוּ טָאג זַיינֶע הִילְף (יְשׁוּעָה):

3 דֶערְצֵיילְט זַיין כָּבוֹד צְװִישֶׁען דִיא גוֹיִם, אוּנְד זַיינֶע װְאוּנְדֶער צְװִישֶׁען אַלֶע פֶעלְקֶער:

4 װָארִין יְהוָה אִיז גְרוֹיס אוּנְד זֶעהְר גֶעלוֹיבְּט, עֶר אִיז פָארְכְטִיג אִיבֶּער אַלֶע אָפְּגֶעטֶער:

5 װָארִין אַלֶע גֶעטֶער פוּן דִיא פֶעלְ־קֶער זֶענֶען נוּר גֶעצֶען, אָבֶּער יְהוָה הָאט גֶעמַאכְט דִיא הִימֶעלְן:

6 שֵׁיינְהֵייט אוּנְד מַאיֶעסְטֶעט זֶענֶען פַאר אִיהְם, שְׁטַארְקְהֵייט אוּנְד הֶערְ־לִיכְקֵייט זֶענֶען אִין זַיין בֵּית הַמִקְדָשׁ:

7 גֶעט צוּ גָאט, אָ אִיהְר מִשְׁפָּחוֹת פוּן דִיא פֶעלְקֶער, גֶעט צוּ גָאט כָּבוֹד אוּנְד שְׁטַארְקְהַייט :

8 גֶעט צוּ גָאט דֶעם כָּבוֹד וָואס אִיז רָאוּי צוּ זַיין נָאמֶען, בְּרֶענְגְט אַ (קָרְבָּן) מִנְחָה אוּנְד קוּמְט צוּ זַיינֶע פָארְהוֹיפֶען :

9 אָ בִּיקְט אֵייךְ צוּ גָאט אִין דֶעם שֵׁיינֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט ; לָאז דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט פַאר אִיהְם צִיטֶערְן :

10 זָאגְט צְוִוישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער אַז גָאט רֶעגִירְט, עֶר הָאט אוֹיךְ אָנְגֶע־בְּרֵייט דִיא וֶועלְט (בֶּעפֶעסְטִיגְט) אַז זִיא זָאל נִיט אַוֶועקְגֶערִיקְט וֶוערֶען ; עֶר וֶועט דִיא פֶעלְקֶער רִיכְטֶען מִיט רֶעכְטפַארְטִיגְקֵייט :

11 לָאזֶען זִיךְ דִיא הִימֶעלְן פְרֵייעֶן, אוּנְד לָאז דִיא עֶרְד פְרֵיילִיךְ זַיין, לָאז דָאס יַם שְׁטוּרְמֶען אוּנְד זַיינֶע פוּלְהַייט :

12 לָאז זִיךְ דָאס פֶעלְד פְרֵייעֶן, אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז דַארִין, דֶענְסְטְמָאל וֶועלֶען אַלֶע בֵּיימֶער פוּן דֶעם וַואלְד זִינְגֶען :

12 פַאר יְהֹוָה, וָוארִין עֶר קוּמְט, עֶר קוּמְט דִיא עֶרְד צוּ מִשְׁפָּטְ'ן ; עֶר וֶועט מִשְׁפָּטְ'ן דִיא וֶועלְט מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד זַיין פָאלְק מִיט טְרֵייהַייט (אָדֶער אֱמֶת) :

תהלים צז

1 יְהֹוָה רֶעגִירְט, לָאז זִיךְ דִיא עֶרְד פְרֵייעֶן, לָאזֶען דִיא פִילֶע אִינְזֶעלְן פְרֵיילִיךְ זַיין :

2 וָואלְקֶענְס אוּנְד (פִינְסְטֶערֶע) נֶעבֶּעל זֶענֶען רִינְגְס אַרוּם אִיהְם, גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד מִשְׁפָּט בֶּעפֶעסְטִיגֶען זַיין טְרוֹין־שְׁטוּהְל :

3 אַ פֵייעֶר גֵייט פַאר אִיהְם, אוּנְד אַ פְלַאם אִיז רִינְגְס אַרוּם זַיינֶע פֵיינְד :

4 זַיינֶע בְּלִיצֶען דֶערְלֵייכְטֶען דִיא וֶועלְט, דִיא עֶרְד הָאט עֶס גֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאט גֶעצִיטֶערְט :

5 דִיא בֶּערְג וֶוערֶען צוּשְׁמָאלְצֶען אַזוֹי וִויא וַואקְס פוּן פַאר גָאט, פוּן פַאר דֶעם הַאר פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט :

6 דִיא הִימֶעלְן דֶערְצֵיילֶען זַיינֶע גֶע־רֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד אַלֶע פֶעלְקֶער זֶעהֶען זַיין כָּבוֹד :

7 אַלֶע וָואס דִינֶען דִיא גֶעצֶענְבִּילְדֶער וֶועלֶען פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען, אוּנְד אוֹיךְ דִיא וָואס בֶּערִימֶען זִיךְ מִיט אָפְּגֶעטֶער, צוּ אִיהְם (גָאט) וֶועלֶען זִיךְ אַלֶע גֶעטֶער בִּיקֶען :

8 צִיוֹן הָאט דָאס גֶעהֶערְט אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייט, אוּנְד דִיא טֶעכְטֶער פוּן יְהוּדָה זֶענֶען פְרֵיילִיךְ גֶעוֶועזֶען פוּן וֶועגֶען דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, אָ גָאט :

9 וָוארִין דוּא יְהֹוָה, בִּיזְט דֶער הֶעכְסְטֶער (אֵייבֶּערְשְׁטֶער) אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, דוּא בִּיזְט זֶעהְר דֶערְ־הוֹיבֶּען אִיבֶּער אַלֶע גֶעטֶער :

10 אִיהְר וָואס לִיבְּט גָאט מוּזְט פֵיינְד הָאבֶּען דָאס שְׁלֶעכְטֶע, עֶר בֶּעהִיט דִיא נְפָשׁוֹת פוּן זַיינֶע הֵיילִיגֶע (חַסִידִים), אוּנְד עֶר אִיז זֵייא מַצִיל פוּן דִיא הֶענְד פוּן דִיא רְשָׁעִים :

11 אַ לִיכְט אִיז אוֹיסְגֶעזֵייעֶט פַאר דֶעם צַדִיק, אוּנְד צוּ דִיא רֶעכְטפַארְטִיגֶע הֶערְצֶער פְרֵייד :

12 אִיהְר צַדִיקִים פְרֵייט אֵייךְ אִין יְהֹוָה, אוּנְד לוֹיבְּט זַיין גֶערֶעכְטְנִים אִין זַיין בֵּית הַמִקְדָשׁ :

תהלים צח

1 אַ גֶעזַאנְג־זִינְגְט צוּ יְהֹוָה אַ נֵייעֶס לִיד, וָוארִין עֶר הָאט גֶעטְהוּן וְואוּנְדֶערְ־לִיכֶע זַאכֶען, זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד

זיין הייליגער אָרעם האָט איהם גע־
האָלפען :
2 יְהוָֹה האָט בּעקאַנט געמאַכט זיינע
הילף, ער האָט ענטפּלעקט זיינע גע־
רעכטיגקייט פאר די אויגען פון די
גוים !
3 ער האָט געדענקט אָן זיין חֶסֶד
אוּנד זיינע טרייהייט צו דעם הויז־
געזינד פון ישׂראל, אַלע עקען פון
דער וועלט האָבען געזעהען די ישוּעה
פון אוּנזער גאָט :
4 שאַלט צו גאָט די גאַנצע וועלט,
עפענט אייערע מיילער אוּנד שאַלט
אוּנד זינגט :
5 זינגט צו גאָט מיט אַ האַרף, מיט
אַ האַרף אוּנד אַ קול פון געזאַנג :
6 מיט טראָמפּייטען אוּנד אַ קול פון
שופר, שאַלט פאַר דעם מלך יְהוָֹה :
7 לאָז דאָס ים רוישען אוּנד זיינע
פוּלהייט, די וועלט אוּנד די וואָס
וואוינען אין איהר :
8 לאָזען די טייכען קלאַטשען מיט
די הענד, די בערג וועלען צוזאַמען
זינגען :
9 פאַר יְהוָֹה, וואָרין ער קוּמט, צו
משפּט'ן די ערד, ער וועט משפּט'ן
די וועלט, מיט גערעכטיגקייט, אוּנד
זיין פאָלק מיט רעכטפאַרטיגקייט :
תהלים צט
1 יְהוָֹה רעגירט, לאָזען די פעלקער
ציטערן, דער וואָס וואוינט צווישען
די כּרוּבים, לאָז די ערד אַוועק־
געריקט ווערען :
2 יְהוָֹה איז גרויס אין ציון, ער איז
דערהויבען איבער אַלע פעלקער :
3 לאָזען זיי לויבען דעם גרויסען
אוּנד פאַרכטערליכען נאָמען וואָרין ער

איז הייליג :
4 די שטאַרקהייט פון דעם מלך
וואָס האָט ליב משפּט, דוּא האָסט
אַנגעבּרייט רעכטפאַרטיגקייט, אוּנד
גערעכטיגקייט האָסט דוּא געטהוּן אין
יעקב :
5 דערהייבט יְהוָֹה אוּנזער גאָט, אוּנד
בּיקט אייך צוּ זיינע פוּסבּאַנק וואָרין
ער איז הייליג :
6 משה אוּנד אַהרן זענען צווישען
זיינע כּהנים, אוּנד שמוּאל צווישען
די וואָס רופען אָן זיין נאָמען, זיי
רופען צוּ גאָט אוּנד ער ענטפערט זיי :
7 ער האָט צוּ זיי גערעדט דוּרך אַ
וואָלקען־זייל, זיי האָבען געהיט זיין
עדוּת אוּנד ער האָט צוּ זיי געגעבען
אַ געזעץ :
8 דוּא יְהוָֹה אוּנזער גאָט האָסט זיי
געענטפערט, דוּא בּיזט אַ גאָט וואָס
טהוּסט צוּ זיי פערגעבען, אָבער דוּא
בּיזט דיך נוקם וועגען זייערע מעשׂים :
9 דערהייבט יְהוָֹה אוּנזער גאָט, אוּנד
בּיקט אייך צוּ זיין הייליגען בּאַרג,
וואָרין יְהוָֹה אוּנזער גאָט איז הייליג :
תהלים ק
1 אַ געזאַנג פון לויבּגעזאַנג—שאַלט
צוּ גאָט די גאַנצע וועלט :
2 דינט יְהוָֹה מיט שׂמחה קוּמט פאַר
איהם מיט געזאַנג :
3 דערקענט דאָך אַז יְהוָֹה ער איז
גאָט, ער האָט אוּנס געמאַכט אוּנד
ניט מיר אַליין, מיר זענען זיין פאָלק
אוּנד די שאָף פון זיינע ווייד :
4 קוּמט אַריין אין זיינע טויערען מיט
דאַנק, אוּנד אין זיינע פאָרהויפען מיט
לויב, דאַנקט איהם אוּנד בּענשט
זיין נאָמען :



וואָרין

5 וָוארִין יְהוָֹה אִיז גוּט, זַיין חֶסֶד אִיז
אויף אֵייבִּיג, אוּנְד זַיינֶע טְרֵייהֵייט אִיז
פוּן דוֹר צוּ דוֹר :

תהלים קא

1 אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד—אִיךְ וֶועל זִינְגֶען
פוּן חֶסֶד אוּנְד מִשְׁפָּט, צוּ דִיר יְהוָֹה
וֶועל אִיךְ זִינְגֶען :
2 אִיךְ וֶועל מִיךְ קְלוּג בֶּעטְרַאכְטֶען
אויף דֶעם גַאנְצֶען וֶועג, וֶוען וֶועסְט
דוּא צוּ מִיר אַרֵיינְקוּמֶען ? אִיךְ וֶועל
גֵיין אִין דִיא גַאנְצְקֵייט פוּן מֵיין הַארְץ
אַפִילוּ אִין מֵיין הויז :
3 אִיךְ וֶועל נִיט טְהוּן פַאר מֵיינֶע
אויגֶען אַ שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ, אִיךְ הָאבּ
פֵיינְד דִיא וָואס טְהוּן אָפְּקֶעהְרֶען, דָאס
זָאל זִיךְ נִיט אָן מִיר בֶּעהֶעפְטֶען :
4 אַ פֶערקְרִימְט הַארְץ זָאל פוּן מִיר
אַוֶועקְקֶעהְרֶען, אִיךְ וִויל נִיט קֵיין
שְׁלֶעכְטֶעס קֶענֶען :
5 דֶער וָואס אִיז זַיין חַבֵר מַלְשִׁין אִים
פֶערְבָּארְגֶענֶעם דֶעם וֶועל אִיךְ פֶער־
שְׁנֵיידֶען, דֶער וָואס הָאט הָאפֶערְדִיגֶע
אויגֶען אוּנְד אַ בְּרֵייט הַארְץ, דֶעם קֶען
אִיךְ נִיט לֵיידֶען :
6 מֵיינֶע אויגֶען זֶענֶען אויף דִיא
טְרֵייעֶ פוּן דֶעם לַאנְד, זֵייא זָאלֶען
בְּלֵייבֶּען מִיט מִיר, דֶער וָואס גֵייט
אויף דֶעם פוּלְקָאמֶענֶעם וֶועג דֶער
זָאל מִיךְ בֶּעדִינֶען :
7 דֶער וָואס טְהוּט פַאלְשְׁקֵייט זָאל
נִיט וָואוינֶען אִין מֵיין הויז, אוּנְד דֶער
וָואס רֶעט לִיגֶען זָאל נִיט בֶּעשְׁטֵיין
בְּלֵייבֶּען פַאר מֵיינֶע אויגֶען :
8 גַאנְץ פְרִיה וֶועל אִיךְ פֶערשְׁנֵיידֶען
אַלֶע רְשָׁעִים פוּן דֶעם לַאנְד, כְּדֵי צוּ
פֶערְשְׁנֵיידֶען פוּן גָאטְ'ס שְׁטָאט אַלֶע
וָואס טְהוּן אוּמְרֶעכְט :

תהלים קב

1 אַ גֶעבֶּעט פוּן דֶעם אָרֶעמֶען וֶוען
עֶר אִיז פֶערשְׁמַאכְט, אוּנְד עֶר גִיסְט
אויס זַיינֶע קְלָאג פַאר גָאט :
2 אָ גָאט הֶער צוּ מֵיין גֶעבֶּעט, אוּנְד
לָאז מֵיין גֶעשְׁרֵייא צוּ דִיר אָנְקוּמֶען :
3 פֶערְבָּארְג נִיט דֵיין פָּנִים פוּן מִיר
אִין דֶעם טָאג וֶוען עֶס אִיז מִיר עֶנְג,
נֵייג צוּ מִיר דֵיין אויעֶר, אִין דֶעם טָאג
וֶוען אִיךְ רוּף עֶנְטְפֶער מִיר גֶעשְׁווִינְד :
4 וָוארִין מֵיינֶע טֶעג פֶערְגֵייעֶן אִין
דֶעם רויךְ, אוּנְד מֵיינֶע בֵּיינֶער זֶענֶען
פֶערְדַארְט אַזוֹי וִויא אִין אַ בְּרַאנְד :
5 מֵיין הַארְץ אִיז גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד
פֶערְדַארְט אַזוֹי וִויא גְרָאז, וָוארִין אִיךְ
הָאבּ פֶערְגֶעסֶען צוּ עֶסֶען מֵיין בְּרוֹיט :
6 פוּן וֶועגֶען דֶעם קוֹל פוּן מֵיין
זִיפְצֶען זֶענֶען מֵיינֶע בֵּיינֶער בֶּעהֶעפְט
גֶעוָוארֶען צוּ מֵיין פְלֵייש :
7 אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא
דֶער פויגֶעל קָאת אִין דֶער מִדְבָּר, אִיךְ
בִּין גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא דֶער נַאכְט־
פויגֶעל (כּוֹס) אִין וִויסְטֶע עֶרְטֶער :
8 אִיךְ הָאבּ גֶעוַואכְט, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעוָ־
וָארֶען וִויא אַ פויגֶעל אַלֵיין אויף אַ דַאךְ :
9 מֵיינֶע פֵיינְד שֶׁענְדֶען מִיךְ דֶעם
גַאנְצֶען טָאג, אוּנְד דִיא וָואס שְׁפֶּעטֶען
פוּן מִיר שְׁוֶוערֶען בֵּייא מִיר :
10 וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעסֶען אַשׁ
אַזוֹי וִויא בְּרוֹיט, אוּנְד מֵיין גֶעטְרֶענְק
הָאבּ אִיךְ גֶעמִישְׁט מִיט גֶעוויין :
11 פוּן וֶועגֶען דֵיין צָארְן אוּנְד דֵיין
גְרִימְצָארְן, וָוארִין דוּא הָאסְט מִיךְ
אויפְגֶעהויבֶּען אוּנְד אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען :
12 מֵיינֶע טֶעג פֶערְגֵייעֶן אַזוֹי וִויא אַ
שָׁאטֶען, אוּנְד אִיךְ וֶוער פֶערְדַארְט אַזוֹי
וִויא גְרָאז :

13 אָבֶער דוא אָ יְהוָה, דוא בְּלייבְּסְט
אויף אֵייבִּיג, אוּנְד דַיין גֶעדֶעכְטֶענִיס
אִיז פוּן דור צוּ דור:
14 דוא וֶועסְט אויפשְׁטֵיין אוּנְד וֶועסְט
דיךְ דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער צִיוֹן, וָוארִין
עֶס אִיז דִיא צַייט זִיא צוּ לַייטְוָועלִיגֶען,
וָוארִין אִיהְרֶע בֶּעשְׁטִימְטֶע צַייט אִיז
שׁוֹין אָנְגֶעקוּמֶען:
15 וָוארִין דֵיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען אַ
וְואוֹילְגֶעפַאלֶען אִין אִיהְרֶע שְׁטֵיינֶער,
אוּנְד זַייא לַייטְוָועלִיגֶען (הָאבֶּען רַחְמָנוּת
מִיט) אִיהְר שְׁטוֹיבּ:
16 אוּנְד דִיא גוֹיִם (הַיידֶען) וֶועלֶען
פָארכְטֶען דֶעם נָאמֶען פוּן יְהוָה, אוּנְד
אַלֶע מְלָכִים פוּן דֶער עֶרְד דַיין כָּבוֹד:
17 וֶוען יְהוָה וֶועט אויפְבּוֹיעֶן צִיוֹן
אַזוֹי וֶועט עֶר זִיךְ בֶּעווייזֶען אִין זַיין
כָּבוֹד:
18 עֶר וֶועט זִיךְ קֶעהְרֶען צוּ דֶעם
גֶעבֶּעט פוּן דֶעם פֶערְלַאזֶענֶעם, אוּנְד
עֶר וֶועט נִיט פֶערַאכְטֶען זַייעֶר גֶעבּ־
בֶּעט:
19 דָאס וֶועט אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען וֶוערֶען
פַאר אַ שְׁפֶּעטֶערֶן דור, אוּנְד אַ פָאלְק
וָואס וֶועט בֶּעשַׁאפֶען וֶוערֶען וֶועט גָאט
לוֹיבֶּען:
20 וָוארִין עֶר קוּקְט אַרוּפּ פוּן זַיינֶעם
הֵיילִיגֶען הִימֶעל, פוּן דֶעם הִימֶעל הָאט
יְהוָה גֶעקוּקְט אויף דֶער עֶרְד:
21 כְּדֵי צוּ הֶערֶען דָאס זִיפְצֶען פוּן
דִיא גֶעבּוּנְדֶענֶע, אויפְצוּמַאכֶען צוּ דִיא
וָואס זֶענֶען חַיָּב מִיתָה:
22 אַז מֶען זָאל דֶערְצֵיילֶען אִין צִיוֹן
דֶעם נָאמֶען פוּן יְהוָה, אוּנְד זַיין לוֹיבּ
אִין יְרוּשָׁלַיִם:
23 וֶוען דִיא פֶעלְקֶער אוּנְד דִיא
קֶענִיגְרַייכֶען וֶועלֶען זִיךְ צוּזַאמֶען פֶערְ־
זַאמֶעלְן יְהוָה צוּ דִינֶען:
24 עֶר הָאט אויף דֶעם וֶועג פֶערשְׁוַואכְט
מֵיין כּוֹחַ, עֶר הָאט פֶערְקֶערְצְט מֵיינֶע
טֶעג:
25 אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אוֹי מֵיין גָאט
טְהוּא מִיךְ נִיט אַוֶועק אִין דִיא הֶעלְפְט
פוּן מֵיינֶע טֶעג, דֵיינֶע יָאהְרֶען זֶענֶען
פוּן דור צוּ דור:
26 דוא הָאסְט פְרִיהֶער גֶעגְרוּנְד־
פֶעסְטִיגְט דִיא עֶרְד, אוּנְד דִיא הִימֶעלְן
זֶענֶען דִיא וֶוערְק פוּן דֵיינֶע הֶענְד:
27 זַייא וֶועלֶען פֶערלוירֶען וֶוערֶען,
אָבֶער דוא וֶועסְט בֶּעשְׁטֵיין בְּלֵייבֶּען,
אוּנְד זַייא וֶועלֶען אַלֶע פֶערְפוֹילְט
וֶוערֶען אַזוֹי וִויא אַ קְלֵייד, אוּנְד אַזוֹי
וִויא אַ מַלְבּוּשׁ וֶועסְט דוא זַייא
פֶערְטוֹישֶׁען אוּנְד זַייא וֶועלֶען זַיין
פֶערְטוֹישְׁט:
28 אָבֶער דוא בִּיזְט דֶערְזֶעלְבִּיגֶער,
אוּנְד דֵיינֶע יָאהְרֶען וֶועלֶען נִיט
אויפְהֶערֶען:
29 דִיא קִינְדֶער פוּן דֵיינֶע קְנֶעכְט
וֶועלֶען בְּלֵייבֶּען, אוּנְד זֵייעֶרֶע קִינְדֶער
וֶועלֶען פַאר דִיר אָנְגֶעבְרֵייט זַיין:

## תהלים קג

1 פוּן דָוִד—לוֹיבּ גָאט, אָ מֵיין נֶפֶשׁ,
אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז אִין מִיר לוֹיבּ
זַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען:
2 לוֹיבּ גָאט אָ מֵיין נֶפֶשׁ, אוּנְד פֶערְגֶעס
נִיט אַלֶע זַיינֶע גוּטֶע בֶּעצָאלוּנְגֶען:
3 דֶער וָואס פֶערְגִיבְּט דִיר אַלֶע דֵיינֶע
זִינְד, אוּנְד וָואס הֵיילְט אַלֶע דֵיינֶע
קְרַאנְקְהֵייטֶען:
4 דֶער וָואס דֶערְלֵייזְט דַיין לֶעבֶּען
פוּן דֶעם פֶערְדַארְבֶּען, אוּנְד וָואס
קְרֵיינְט דִיךְ מִיט חֶסֶד אוּנְד בַּארְמְ־
הֶערְצִיגְקֵייט:

5 דער וואס זעטיגט אן דיינע עלטער
מיט גוטקייט, אונד וואס דערנייערט
דיינע יוגענד אזוי וויא איין אדלער:
6 גאט טהוט גערעכטע משפטים צו
אלע וואס זענען אונטערדריקט:
7 ער האט זיינע וועגען געלאזט
וויסען צו משה, אונד צו דיא קינדער
פון ישראל זיינע מעשים:
8 גאט איז בארמהערציג אונד לייט־
זעליג, ער האלט לאנג אויף זיין צארן
אונד טהוט פיל חסד:
9 ער וועט זיך ניט אויף אייביג
קריגען, אונד ער וועט אויך ניט אויף
אייביג זיין צארן היטען:
10 ער האט ניט מיט אונס גע־
האנדעלט נאך אונזערע זינד, אונד ער
האט אונס ניט פערגאלטען נאך
אונזערע אומגערעכטיגקייטען:
11 וואָרין אזוי הויך וויא דער הימעל
איז איבער דיא ערד אזוי האט זיך
זיין חסד געשטארקט איבער דיא וואס
האבען מורא פאר איהם:
12 אזוי ווייט וויא מזרח איז פון
מערב אזוי ווייט האט ער דערווייטערט
פון אונס אונזערע זינד:
13 אזוי וויא א פאטער דערבארמט
זיך איבער קינדער, אזוי דערבארמט
זיך גאט איבער דיא וואס האבען
מורא פאר איהם:
14 וואָרין ער ווייסט אונזער בע־
שעפעניס, אונד ער געדענקט אז מיר
זענען (נאר וויא שטויב):
15 דער מענש איז אזוי וויא דאס
גראז אין זיינע טעג, אזוי וויא דיא
בלום פון דעם פעלד אזוי בליהט ער
אויף:
16 ווען דער ווינד גייט פאר איהם
פערבייא אזוי איז ער ניט מעהר דא,
אונד זיין ארט דערקענט איהם ניט
מעהר:
71 אבער דער חסד פון גאט איז
פון אייביגקייט צו אייביגקייט איבער
דיא וואס האבען מורא פאר איהם,
אונד זיינע גערעכטיגקייט איז אויף
קינד'ס קינדער:
18 צו דיא וואס היטען זיין ברית,
אונד צו דיא וואס געדענקען זיינע
מצות כדי זייא צו טהון:
19 גאט האט אנגעברייט זיין טראָן־
שטוהל אין דעם הימעל, אונד זיינע
מלוכה געוועלטיגט איבער אלעם:
20 לויבט גאט איהר וואס זענט זיינע
מלאכים, איהר שטארקע גבורים וואס
איהר טהוט זיינע בעפעהל, וואס איהר
געהארכט צו דעם קול פון זיין ווארט:
21 לויבט גאט, איהר וואס זענט
זיינע הערשארען, איהר וואס זענט
זיינע דינערס אונד טהוט זיין ווילען:
22 לויבט גאט אלע זיינע מעשים,
אין אלע ערטער פון זיינע רעגירונג,
לויב גאט א מיין נפש:

תהלים קד

1 לויב גאט, א מיין נפש! א יהוה
מיין גאט דוא ביזט זעהר גרויס, דוא
ביזט אנגעקליידט מיט שיינהייט אונד
מאיעסטעט:
2 ער וויקעלט זיך מיט ליכט אזוי
וויא מיט א קלייד, אונד שפרייט אויס
דיא הימעלן אזוי וויא א פארהאנג:
3 דער וואס לייגט דעם באלקען פון
זיין בוידעם אין דעם וואסער, דער
וואס מאכט דיא וואלקען צו זיין
רייטוואגען, אונד מאכט זייא גיין אויף
דיא פליגעלן פון דעם ווינד:

4 ער מאכט דיא רוחות פאר זיינע שלוחים, אונד פייערפלאמען פאר זיינע משרתים:

5 ער האט געגרונדפעסט דיא ערד אויף איהר אנבּרייטונג, אז זיא זאל ניט אװעקגעריקט װערען אויף אייביג:

6 ער האט דעם אפגרונד צוגעדעקט אזוי װיא מיט א קלייד, אויף דיא בערג שטעלען זיך דיא װאסערן:

7 פון װעגען דיין געשריי זענען זייא ענטלאפען געװארען, אונד פון װעגען דעם קול פון דיין שטורמען האבען זייא זיך אװעקגעאיילט:

8 זייא זענען ארויפגעגאנגען אויף דיא בערג אונד אראפגענידערט אין דיא טאלען, צו דעם דאזיגען ארט װאס דוא האסט פאר זייא געגרונדפעסטיגט:

9 דוא האסט פאר זייא געמאכט א גרענעץ אז זייא זאלען ניט אריבערפאהרען, אונד אז זייא זאלען ניט צוריקקעהרען, כדי דיא ערד צו בעדעקען!

10 דער װאס שיקט ארויס דיא קװאלען צװישען דיא טייכען, זייא גייען ארום צװישען דיא בערג:

11 זייא טרינקען אן אלע חיות פון דעם פעלד, אפילו דיא מויל־אייזעלן לעשען זייער דורשט:

12 בּייא זייא רוהען דיא פייגעל פון דעם הימעל, פון צװישען דיא צװייגען געבען זייא זייער קול:

13 ער טרינקט אן דיא בערג פון זיינע אויבערשטע בוידעמס, פון דיא פירות פון דיינע מעשים טהוסט דוא זעטיגען דיא ערד:

14 ער מאכט װאקסען גראז פאר דיא בהמות, אונד קרייטער צו דיא ארבּייט פאר מענשען, כדי ארויסצוברענגען ברויט פון דער ערד:

15 אונד װיין װאס מאכט פרייליך דאס הארץ פון דעם מענש, אונד אייל װאס מאכט גלאנצען דאס פנים, אונד ברויט װאס מאכט אונטערלעהנען דאס הארץ פון דעם מענש:

16 גאט'ס בּיימער טהון זיך אנזעטיגען, אפילו דיא טענען־בּיימער פון לבנון װאס ער האט געפלאנצט:

17 דארט אװאו דיא פייגעל מאכען זייערע נעסטען, אפילו דיא שטארך מאכען דיא בוקסען־בּיימער איהר הויז (נעסט):

18 דיא הויכע בערג זענען פאר דיא װילדע בעק, אונד דיא פעלזען זענען א בעשיצונג פאר דיא װילדע קראליקעס:

19 ער האט געמאכט דיא לבנה צו בעשטימען צייטען, אונד דיא זון װייסט זיין אונטערגיין:

20 דוא מאכסט פינסטער אונד עס איז נאכט, אלע חיות פון דעם װאלד טהון זיך (אין דער נאכט) בעװעגען אונד װידמענען:

21 דיא יונגע לייבען שרייען נאך פערצוקונג, אונד זייא בעגעהרען זייער עסען פון גאט:

22 װען דיא זון גייט אויף אזוי פערזאמעלן זייא זיך, אונד זייא לייגען זיך אנידער אין זייערע היילען:

23 דער מענש גייט ארויס צו זיינע ארבּייט, אונד צו זיינע ארבּייט ביז צו נאכט:

24 אוי גאט! װיא פילע זענען דיינע מעשים, דוא האסט זייא אלע געמאכט

אין

אִין דֵיינֶע חָכְמָה, דִיא עֶרְד אִיז פוּל מִיט דֵיינֶע רֵייכְקַייט׃

25 אַזוֹי אִיז דָאס גְרוֹיסֶע אוּנְד בְּרֵייטֶע יַם, דָארְטֶען זֶענֶען ווירְמוּנְגֶען אָהְן אַ צָאהְל, אוּנְד קְלֵיינֶע אוּנְד גְרוֹיסֶע חַיוֹת׃

26 דָארְטֶען גֵייעֶן אוֹיךְ שִׁיפֶען, דָארְט אִיז דֶער לִוְיָתָן וָואס דוּא הָאסְט בֶּעשַׁאפֶען כְּדֵי מִיט אִיהְם צוּ שְׁפִּילֶען׃

27 אַלֶע טְהוּן צוּ דִיר הָאפֶען אַז דוּא זָאלְסְט צוּ זַייא גֶעבֶּען עֶסֶען אִין זֵייעֶרֶע צֵייט׃

28 וֶוען דוּא גֶעבְּסְט עֶס צוּ זַייא אַזוֹי קְלַייבֶּען זַייא עֶס אוֹיף, דוּא מַאכְסְט אוֹיף דֵיינֶע הַאנְד אוּנְד זֶעטִיגְסְט זַייא מִיט גוּטֶעס׃

29 וֶוען דוּא בֶּעהַאלְטְסְט דֵיין פָּנִים אַזוֹי וֶוערֶען זַייא דֶערשְׁרָאקֶען, דוּא נֶעמְסְט אַוֶועק זֵייעֶר גֵייסְט אַזוֹי פֶּערְגֵייעֶן (שְׁטַארְבֶּען) זַייא, אוּנְד זַייא קֶעהְרֶען צוּרִיק צוּ זֵייעֶר שְׁטוֹיבּ׃

30 דוּא שִׁיקְסְט אַרוֹיס דֵיין רוּחַ אַזוֹי וֶוערֶען זַייא בֶּעשַׁאפֶען, אוּנְד דוּא דֶערְנֵייעֶרְסְט דָאס פָּנִים פוּן דֶער עֶרְד׃

31 דֶער כָּבוֹד פוּן גָאט זָאל בֶּעשְׁטֵיין אוֹיף אֵייבִּיג, גָאט זָאל זִיךְ פְרֵייעֶן אִין זֵיינֶע מַעֲשִׂים׃

32 עֶר קוּקְט צוּ דִיא עֶרְד אוּנְד זִיא צִיטֶערְט, עֶר רִיהְרְט אָן דִיא בֶּערְג אוּנְד זַייא רוֹיכֶען׃

33 אִיךְ וֶועל זִינְגֶען צוּ גָאט אַזוֹי לַאנְג וִויא אִיךְ וֶועל לֶעבֶּען, אִיךְ וֶועל זִינְגֶען לוֹיבּ צוּ מֵיין גָאט אַזוֹי לַאנְג וִויא אִיךְ וֶועל בֶּעשְׁטֵיין׃

34 מֵיינֶע טְרַאכְטוּנְג וֶועגֶען אִיהְם זָאל זֵיין זִיס, אִיךְ וֶועל מִיךְ פְרֵייעֶן אִין גָאט׃

35 דִיא זִינְדִיגֶע וֶועלֶען פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען פוּן דִיא עֶרְדֶ, אוּנְד דִיא רְשָׁעִים וֶועלֶען נִיט מֶעהְר זֵיין, לוֹיבּ גָאט אָ מֵיין נֶפֶשׁ, הַלְלוּיָה׃

## תהלים קה

1 אָ דַאנְקְט גָאט! רוּפְט אָן זֵיין נָאמֶען, מַאכְט בֶּעקַאנְט זֵיינֶע מַעֲשִׂים צְווִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער׃

2 זִינְגְט צוּ אִיהְם, זִינְגְט צוּ אִיהְם לִידֶער, רֶעדְט פוּן אַלֶע זֵיינֶע וְואוּנְדֶער׃

3 רִיהְמְט אֵייךְ אִין זֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, לָאז זִיךְ דָאס הַארְץ פוּן דִיא וָואס זוּכֶען גָאט פְרֵייעֶן׃

4 פָארְשְׁט גָאט אוּנְד זֵיינֶע שְׁטַארְקְהַייט, זוּכְט שְׁטֶענְדִיג זֵיין פָּנִים׃

5 גֶעדֶענְקְט זֵיינֶע וְואוּנְדֶערְלִיכֶע מַעֲשִׂים וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, זֵיינֶע וְואוּנְדֶער אוּנְד דִיא מִשְׁפָּטִים פוּן זֵיין מוֹיל׃

6 אָ אִיהְר קִינְדֶער פוּן אַבְרָהָם זֵיין קְנֶעכְט, אִיהְר קִינְדֶער פוּן יַעֲקֹב זֵיין אוֹיסֶדֶערְוֶוילְטֶער׃

7 עֶר אִיז יְהוָֹה אוּנְזֶער גָאט, זֵיינֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט׃

8 עֶר הָאט אוֹיף אֵייבִּיג גֶעדֶענְקְט אַן זֵיין בְּרִית, דָאס וָוארְט וָואס עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ אַ טוֹיזֶענְד דוֹרוֹת׃

9 וָואס הָאט כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען מִיט אַבְרָהָם, אוּנְד זֵיינֶע שְׁבוּעָה צוּ יִצְחָק׃

10 אוּנְד עֶר הָאט עֶס בֶּעשְׁטֶעטִיגְט צוּ יַעֲקֹב אַלְס אַ גֶעזֶעץ, אוּנְד צוּ יִשְׂרָאֵל פַאר אֵיין אֵייבִּיגֶען בְּרִית׃

11 אַזוֹי צוּ זָאגֶען, צוּ דִיר וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען דָאס לַאנְד כְּנַעַן, דָאס חֵלֶק פוּן אֵייעֶר נַחֲלָה׃

12 וֶוען זַייא זֶענֶען נָאךְ גֶעוֶועזֶען וֵויינִיג אִין דֶער צָאהְל, יוֹא גָאר וֵוינִיג,

אונד זייא זענען געוועזען גרים אין
איהר׃
13 אונד זייא זענען ארומגעגאנגען
פון איין פאלק צו דעם אנדערן, אונד
פון איין קעניגרייך צו איין אנדער
פאלק׃
14 ער האט קיינעם ניט צוגעלאזט
זייא צו אונטערדריקען, ער האט
וועגען זייא געשטראפט מלכים׃
15 איהר זאלט ניט אנריהרען אין
מיין געזאלבטען, אונד צו מיינע
נביאים זאלט איהר קיין שלעכטעס
ניט טהון׃
16 ער האט גערופען א הונגער
איבער דעם לאנד, אלע אונטער־
לעהנונג פון ברויט האט ער צובראכען׃
17 ער האט פאר זייא געשיקט א
מאן, פאר א קנעכט האבען זייא
פערקויפט דעם יוסף׃
18 זיינע פים האבען זייא געפייניגט
מיט קייטען, אייזען איז געקומען ביז
צו זיינע זעלע׃
19 ביז צו דער צייט ווען זיין ווארט
איז אנגעקומען, דאס ווארט פון גאט
האט איהם געפרופט׃
20 דער מלך האט אהינגעשיקט אונד
האט איהם געלאזט אויפבינדען אפילו
דער געוועלטיגער פון דיא פעלקער
האט איהם געלאזט פרייא מאכען׃
21 ער האט איהם געמאכט פאר א
האר איבער זיין הויז, אונד א
געוועלטיגער איבער זיין גאנצעס
פערמעגען׃
22 צו בינדען דיא פירשטען נאך זיין
ווילען, אונד זיינע עלטסטע האט ער
קלוג געמאכט׃
23 אונד אזוי איז ישראל געקומען
נאך מצרים, אונד יעקב האט גע־
וואוינט אין דעם לאנד חם׃
24 אונד ער האט זיין פאלק זעהר
פרוכטבאר געמאכט, אונד ער האט
זייא שטארקער געמאכט פון זיינע
פיינד׃
25 אבער ער האט זייער הארץ
אומגעקעהרט זיין פאלק פיינד צו
האבען, אונד צו טראכטען בייז איבער
זיינע קנעכט׃
26 אונד ער האט געשיקט זיין קנעכט
משה, אונד אהרון וועמען ער האט
אויסדערוויילט׃
27 ער האט דורך זייא געטהון זיינע
צייכען אונד וואונדער אין דעם לאנד
חם׃
28 ער האט געשיקט פינסטערניס
אונד האט געמאכט פינסטער, אונד
זייא האבען ניט ווידערגעשפעניגט
קעגען זיין ווארט׃
29 ער האט זייער וואסער פערקעהרט
צו בלוט, אונד זיירע פיש זענען גע־
שטארבען׃
30 זייער לאנד האט געווימעלט פרעש,
אפילו אין זייער מלך'ס קאמערן׃
31 ער האט געזאגט א ווארט, אזוי
זענען געקומען פערשידענע סארטען
פליגען, אונד כנים אין אלע זיירע
גרענעצען׃
32 ער האט צו זייא געגעבען האגעל
אנשטאט זייער רעגען, אונד פייער־
פלאמען אין זייער לאנד׃
33 אונד ער האט געשלאגען זייער
וויינשטאק אונד פייגענבוימער, אונד
ער האט צובראכען דיא ביימער פון
זיירע גרענעצען׃
34 ער האט געזאגט א ווארט, אזוי

אִיז גֶעקוּמֶען דֶער הֵיישֶׁערִיק, אוּנְד דֶער יֶלֶק אָהְן אַ צָאהְל :

35 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעפְרֶעסֶען דָאס גַאנְצֶע קְרוֹיט אִין זֵייעֶר לַאנְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ אוֹיפְגֶעפְרֶעסֶען דִיא פֵּירוֹת פוּן זֵייעֶר לַאנְד :

36 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען אִיטְלִיכֶען בְּכוֹר אִין זֵייעֶר לַאנְד, דִיא עֶרְשְׁטֶע פוּן אַלֶע זֵיינֶע קְרַאפְט :

37 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא (דִיא יִשְׂרָאֵל) אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט מִיט זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד, אוּנְד עֶס אִיז קֵיין שְׁטְרוֹיכְלֶער גֶעוֶועזֶען אִין זֵיינֶע שְׁבָטִים :

38 מִצְרַיִם הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייט וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, וָוארִין אַ פָּארְכְט אִיז אוֹיף זֵייא גֶעפַאלֶען !

39 עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אַ וָואלְקֶען פַאר אַ דֶעק, אוּנְד פֵייעֶר צוּ לֵייכְטֶען בֵּייא נַאכְט :

40 זֵייא הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט וַואכְטֶעלְן, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעזֶעטִיגְט מִיט בְּרוֹיט פוּן דֶעם הִימֶעל :

41 עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דֶעם פֶעלְז, אוּנְד דִיא וַואסֶערְן זֶענֶען גֶערִינֶען, אוּנְד וִויא אַ שְׁטְרוֹים זֶענֶען זֵייא גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער וִויסְטֶענִים :

42 וָוארִין עֶר הָאט גֶעדֶענְקְט אַן זֵיין הֵיילִיגֶעס וָוארְט, אוּנְד זֵיין קְנֶעכְט אַבְרָהָם :

43 אוּנְד עֶר הָאט זֵיין פָאלְק אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט מִיט פְרֵייד, אוּנְד מִיט גֶעזַאנְג זֵיין אוֹיסְדֶערְוֶוועלְטֶען :

44 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען דָאס לַאנְד פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד דִיא אַרְבֵּייט פוּן דִיא פֶעלְקֶער הָאבֶּען זֵייא גֶעיִרְשׁ'ת :

45 כְּדֵי זֵייא זָאלֶען הִיטֶען זֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד הַאלְטֶען זֵיינֶע תּוֹרָה, הַלְלוּיָהּ !

## תהלים קו

1 הַלְלוּיָהּ ! לוֹיבְּט צוּ גָאט, וָוארִין עֶר אִיז גוּט, אוּנְד זֵיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף אֵייבִּיג :

2 וֶוער קֶען אוֹיסְרֶעדֶען דִיא גְבוּרוֹת פוּן גָאט ? וֶוער קֶען מַאכֶען הֶערֶען זֵיין גַאנְצֶען לוֹיב ?

3 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס הִיטֶען מִשְׁפָּט, אוּנְד וָואס טְהוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אַלֶע צֵייט :

4 גֶעדֶענְק אַן מִיר, אָ גָאט, מִיט דֶעם גוּטֶען ווִילֶען פוּן דֵיין פָאלְק, אוּנְד בֶּעזוּךְ מִיךְ מִיט דֵיינֶע הִילְף :

5 אַז אִיךְ זָאל זֶעהֶען דָאס גוּטֶע פוּן דֵיינֶע אוֹיסְדֶערְוֶוועלְטֶע, כְּדֵי אִיךְ זָאל מִיךְ פְרֵייעֶן מִיט דִיא שִׂמְחָה פוּן דֵיין פָאלְק, אוּנְד אַז אִיךְ זָאל מִיךְ בֶּערִיהְמֶען מִיט דֵיינֶע נַחֲלָה :

6 מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט מִיט אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן, מִיר הָאבֶּען אוּמְרֶעכְט גֶעטְהוּן, אוּנְד מִיר הָאבֶּען אוּנְס פֶערְשׁוּלְדִיגְט :

7 אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען דֵיינֶע ווְאוּנְדֶערְלִיכֶע מַעֲשִׂים אִין מִצְרַיִם, זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעדֶענְקְט אַן דֵיינֶע פִילֶע חֲסָדִים, נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען ווִידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט בֵּייא דֶעם יָם, אֲפִילוּ בֵּייא דֶעם יַם סוּף :

8 אוּנְד דָאךְ הָאט עֶר זֵייא גֶעהָאלְפֶען פוּן וֶועגֶען זֵיין נָאמֶענְס ווִילֶען, כְּדֵי בֶּעקַאנְט צוּ מַאכֶען זֵיינֶע גְבוּרוֹת :

9 עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁרִיגֶען דָאס יַם סוּף אוּנְד עֶס אִיז פֶערְטְרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא דוּרְכְגֶעפִיהְרְט

דורך דער טיפענים וויא אין דער
מדבר׃
10 אונד ער האט זייא געהאלפען פון
דער האנד פון דעם וואס האט זייא
פיינד געהאט, אונד ער האט זייא
אויסגעלייזט פון דער האנד פון דעם
פיינד׃
11 אונד דיא וואסערן האבען צו־
געדעקט זייערע פיינד, אז איינער פון
זייא איז ניט איבערגעבליבען׃
12 אזוי האבען זייא געגלויבט אן
זיין ווארט, אונד זייא האבען געזונגען
זיין לויב׃
13 אבער זייא האבען געשווינד פער־
געסען זיינע מעשים, אונד זייא האבען
ניט געווארט אויף זיינע עצה׃
14 אונד זייא האבען געגלוסט א
גלוסטונג אין דער מדבר אונד זייא
האבען געפרופט גאט אין דער
וויסטעניס׃
15 אונד ער האט צו זייא געגעבען
זייער פערלאנגען, אבער ער האט
אויך געשיקט מאגערקייט אין זייערע
לייבער׃
16 זייא האבען מקנא געוועזען משה
אין דער מחנה, אויך אהרון דעם
היילינגען פון גאט׃
17 דיא ערד האט זיך אויפגעמאכט
אונד האט איינגעשלונגען דתן, אונד
האט צוגעדעקט דיא געמיינדע פון
אבירם׃
18 אונד א פייער האט זיך אנגעצונדען
אין זייערע געמיינדע, דיא פלאם האט
אנגעצונדען דיא רשעים׃
19 זייא האבען געמאכט איין עגל
אין חורב אונד זייא האבען זיך גע־
ביקט צו איין געגאסען בילד׃
20 אונד זייא האבען פערטוישט זייער
(גאט'ס) כבוד אין דיא געשטאלט פון
איין אקס וואס עסט גראז׃
21 זייא האבען פערגעסען דעם גאט
וואס האט זייא געהאלפען, אונד וואס
האט געטהון גרויסע מעשים אין
מצרים׃
22 וואונדערליכע זאכען אין דעם
לאנד חם, פארכטערליכעס ביי דעם
ים סוף׃
23 אונד ער האט געזאגט (געטראכט)
זייא צו פערטילגען, ווען משה זיין
אויסדערוועהלטער האלט ניט געשטא־
נען אין דעם בראך פאר איהם, כדי
אפצוקעהרען זיין גרימצארן אז ער
זאל זייא ניט פערדארבען׃
24 זייא האבען פערמיאוסט דאס
גלוסטיגע לאנד, אונד זייא האבען ניט
געגלייבט צו זיינע רייד׃
25 אונד זייא האבען געמורמעלט
אין זייערע געצעלטען, זייא האבען ניט
געהערט אין דעם קול פון גאט׃
26 אונד ער האט אויפגעהויבען זיינע
האנד קעגען זייא, כדי זייא צו מאכען
פאלען אין דער מדבר׃
27 אונד צו מאכען פאלען זייערע
קינדער צווישען דיא גוים, אונד זייא
צו פערשפרייטען אין דיא לענדער׃
28 אונד זייא האבען זיך בעהעפט צו
בעל־פעור, אונד זייא האבען געגעסען
פון דיא קרבנות צו דיא טויטע
(געצען)׃
29 אונד זייא האבען איהם דערצארנט
מיט זייערע בייזע מעשים, אזוי האט
אונטער זייא א מגפה אויסגעבראכען׃
30 אונד אזוי האט זיך פנחס אנידער־
געשטעלט אונד האט געבעטען, אונד

דִיא מַגֵפָה אִיז אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען גֶעוָוארֶען׃

31 אוּנְד דָאס אִיז צוּ אִיהְם צוּגֶערֶעכְנֶט גֶעוָוארֶען צוּ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, צוּ דוֹר דוֹרוֹת בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג׃

32 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיךְ דֶערְצָארְנְט בֵּייא דֶעם מֵי־מְרִיבָה, אַזוֹי דָאס עֶס אִיז שְׁלֶעכְט גֶעוָוארֶען צוּ מֹשֶׁה'ן אוּם זֵייעֶרֶעטְוֶועגֶען׃

33 וָוארִין (דַארִיבֶּער) הָאבֶּען זֵייא מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען זֵיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר עֶס אַרוֹיסְגֶע־רֶעט מִיט זֵיינֶע לִיפֶּען׃

34 זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ נִיט פֶּערְטִילְגְט דִיא פֶעלְקֶער, פוּן וֶועלְכֶע גָאט הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט׃

35 נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶע־מִישְׁט מִיט דִיא גוֹיִם אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ אָפְּגֶעלֶערְנְט פוּן זֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים׃

36 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעדִינְט זֵייעֶרֶע אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד זֵייא זֶענֶען צוּ זֵייא גֶעוָוארֶען צוּ אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג׃

37 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען זֵייעֶרֶע זִיהְן אוּנְד זֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער צוּ דִיא שֵׁדִים׃

38 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְגָאסֶען אוּמְשׁוּלְדִיג בְּלוּט, דָאס בְּלוּט פוּן זֵייעֶרֶע זִיהְן אוּנְד פוּן זֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער, וָואס זֵייא הָאבֶּען מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען צוּ דִיא גֶעצֶען פוּן כְּנַעַן, אוּנְד אַזוֹי הָאט זִיךְ דָאס לַאנְד פֶערְשׁוּלְדִיגְט מִיט זֵייעֶר בְּלוּט׃

39 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ מְטַמֵא גֶעוֶועזֶען מִיט זֵייעֶרֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען מִיט זֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים׃

40 אוּנְד דֶער צָארְן פוּן גָאט הָאט גֶעגְרִימְט אִיבֶּער זֵיין פָאלְק, אוּנְד עֶר הָאט פֶערְאוּמְוִוירְדִיגְט זֵיינֶע (אֵייגֶענֶע) נַחֲלָה׃

41 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אִיבֶּערְגֶעעֶנְט־פֶּערְט אִין דִיא הֶענְד פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד זֵייעֶרֶע פֵיינְד הָאבֶּען אִיבֶּער זֵייא גֶעוֶועלְטִיגְט׃

42 אוּנְד זֵייעֶרֶע פֵיינְד הָאבֶּען זֵייא אוֹיךְ בֶּעצְווּאוּנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט אוּנְטֶער זֵייעֶרֶע הֶענְד׃

43 פִיל מָאל הָאט עֶר זֵייא מַצִיל גֶעוֶועזֶען, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען דָאךְ מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ זֵייעֶר עֵצָה, אוּנְד זֵייא זֶענֶען פֶערְאָרֶעמְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ זֵייעֶרֶע זִינְד׃

44 אָבֶּער עֶר הָאט אָנְגֶעזֶעהֶען וֶוען עֶס אִיז זֵייא עֶנְג גֶעוֶועזֶען, אִינְדֶעם עֶר הָאט צוּגֶעהֶערְט זֵייעֶר גֶעבֶּעט׃

45 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעדֶענְקְט זֵיין בְּרִית, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ בֶּע־דֶענְקְט פוּן וֶועגֶען זֵיינֶע פִילֶע חֲסָדִים׃

46 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶערְבַּארְמִקֵייט פַאר אַלֶע דִיא וָואס הָאבֶּען זֵייא גֶעהַאט אִין גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט׃

47 הֶעלְף אוּנְס, אוֹי יְהֹוָה אוּנְזֶער גָאט, אוּנְד זַאמֶעל אוּנְס אֵיין פוּן דִיא גוֹיִם, כְּדֵי מִיר זָאלֶען דַאנְקֶען צוּ דֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אוּנְד מִיר זָאלֶען זִיךְ בֶּערִיהְמֶען אִין דֵיין לוֹיב׃

48 גֶעלוֹיבְּט אִיז יְהֹוָה דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּן אֵייבִּיגְקֵייט צוּ אֵייבִּיגְקֵייט, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל זָאגֶען, אָמֵן, הַלְלוּיָהּ׃

# ספר חמישי

## תהלים קז

1 לוֹיבְּט צוּ גָאט, וָוארִין עֶר אִיז גוּט,
אוּנְד זֵיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף אֵייבִּיג:
2 לָאזֶען דִיא אוֹיסְגֶעלֵייזְטֶע פוּן גָאט
זָאגֶען, דִיא וָואס עֶר הָאט אוֹיסְגֶעלֵייזְט
פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם פֵיינְד:
3 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט
פוּן דִיא לֶענְדֶער, פוּן מִזְרָח אוּנְד פוּן
מַעֲרָב, פוּן צָפוֹן אוּנְד פוּן דֶעם יַם
(וָואס אִיז אִין דָרוֹם־זֵייט):
4 זֵייא הָאבֶּען אַרוּם גֶעאִירְט אִין דֶער
מִדְבָּר, אוֹיף אַ וִויסְטֶען וֶועג, זֵייא הָאבֶּען
נִיט גֶעפוּנֶען אַ בֶּעווָאוֹינְטֶע שְׁטָאט:
5 זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען הוּנְגֶערִיג אוּנְד
אוֹיךְ דוּרְשְׁטִיג, זֵייעֶרֶע זֶעעֶלֶע הָאט אִין
זֵייא פֶערשְׁמַאכְט:
6 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען צוּ גָאט
וֶוען עֶס אִיז זֵייא עֶנְג גֶעוֶועזֶען, אוּנְד
עֶר הָאט זֵייא גֶעהָאלְפֶען פוּן זֵייעֶרֶע
בֶּעדְרֶענְגֶענִיס:
7 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעפִיהְרְט אוֹיף
אַ רִיכְטִיגֶען וֶועג, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען גֵיין
צוּ אַ בֶּעווָאוֹינְטֶע שְׁטָאט:
8 אוֹי, דָאס דִיא מֶענְשֶׁען וָואלְטֶען
לוֹיבֶּען גָאט פַאר זֵיין חֶסֶד, אוּנְד פַאר
זֵיינֶע וְואוּנְדֶערְלִיכֶע מַעֲשִׂים צוּ דִיא
מֶענְשֶׁען קִינְדֶער!
9 וָוארִין עֶר מַאכְט זַאט דִיא גְלוּסְטִיגֶע
זֶעעֶלֶע, אוּנְד עֶר פִילְט אָן דִיא הוּנְגֶ־
רִיגֶע זֶעעֶלֶע מִיט גוּטֶעס:
10 דִיא וָואס זִיצֶען אִין דֶער פִינְס־
טֶערְנִיס אוּנְד אִין דֶעם שָׁאטֶען פוּן
טוֹיט, אוּנְד זֶענֶען גֶעבּוּנְדֶען מִיט
עֶלֶענְד אוּנְד אֵייזֶערְנֶע קֵייטֶען:
11 ווייל זֵייא הָאבֶּען מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען
קֶעגֶען גָאט'ס רֵייד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
דֶערְצָארְנְט דֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶען'ס עֵצָה:
12 דַארוּם הָאט עֶר זֵייעֶר הַארְץ
אוּנְטֶערְטֶעֲנִיג גֶעמַאכְט מִיט מִידִיגְקֵייט,
זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט אוּנְד קֵיינֶער
הָאט זֵייא נִיט גֶעהָאלְפֶען:
13 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען צוּ
גָאט וֶוען עֶס אִיז זֵייא עֶנְג גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעהָאלְפֶען פוּן
זֵייעֶרֶע בֶּעדְרֶענְגֶענִיס:
14 עֶר הָאט זֵייא אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט פוּן
דֶער פִינְסְטֶערְנִיס אוּנְד פוּן דֶעם שָׁאטֶען
פוּן טוֹיט, אוּנְד עֶר הָאט זֵייעֶרֶע בֶּענְדֶער
(קֵייטֶען) צוּרִיסֶען:
15 אוֹי, דָאס דִיא מֶענְשֶׁען וָואלְטֶען
לוֹיבֶּען גָאט פַאר זֵיין חֶסֶד, אוּנְד פַאר
זֵיינֶע וְואוּנְדֶערְלִיכֶע מַעֲשִׂים צוּ דִיא
מֶענְשֶׁען קִינְדֶער!
16 וָוארִין עֶר הָאט צוּבְּרָאכֶען דִיא
קוּפֶּערְנֶע טִירֶען, אוּנְד דִיא אֵייזֶערְנֶע
רִיגֶעלְן הָאט עֶר צוּהַאקְט:
17 נַארוּנִים, פוּן וֶועגֶען זֵייעֶרֶע זִינְד,
אוּנְד פוּן וֶועגֶען זֵייעֶרֶע אוּמְגֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט זֶענֶען זֵייא גֶעפֵּיינִיגְט:
18 אַלֶערְלֵייא עֶסֶען פֶערְאוּמְווירְדִיגְט
זֵייא, אוּנְד זֵייא גְרֵייכֶען בִּיז צוּ דִיא
טוֹירֶען פוּן דֶעם טוֹיט:
19 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען צוּ
גָאט וֶוען עֶס אִיז זֵייא עֶנְג גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעהָאלְפֶען פוּן
זֵייעֶרֶע בֶּעדְרֶענְגְנִיס:
20 עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט זֵיין וָוארְט
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעהֵיילְט, אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא גֶעמַאכְט עֶנְטְרִינֶען פוּן זֵייעֶרֶע
פֶערְדַארְבֶּענִיס:

21 אוֹי, דָאס דִיא מֶענְשֶׁען וָואלְטֶען לוֹיבֶּען גָאט פַאר זַיין חֶסֶד, אוּנְד פַאר זַיינֶע וְואוּנְדֶערְלִיכֶע מַעֲשִׂים צוּ דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער!

22 לָאזֶען זַייא דָאךְ מַקְרִיב זַיין קָרְבְּנוֹת תּוֹדוֹת, אוּנְד לָאזֶען זַייא דָאךְ דֶערְצֵיילֶען זַיינֶע מַעֲשִׂים מִיט פְרֵיילִיכְקֵייט:

23 דִיא וָואס גֵייעֶן אַרוֹפּ אִין יַם מִיט שִׁיפֶען, וָואס טְהוּן גֶעשֶׁעפְטֶען אִין פִילֶע וַואסֶערְן:

24 זַייא זֶעהֶען דִיא מַעֲשִׂים פוּן גָאט, אוּנְד זַיינֶע וְואוּנְדֶערְלִיכֶע מַעֲשִׂים אִין דִיא טִיפֶענִים:

25 וֶוען עֶר זָאגְט (בֶּעפֶעהְלְט) אַזוֹי שְׁטֶעלְט זִיךְ אוֹיף אַ שְׁטוּרְמְווִינְד אוּנְד דִיא אִינְדֶען דֶערְהֵייבֶּען זִיךְ:

26 זַייא גֵייעֶן אַרוֹיף בִּיז צוּם הִימֶעל, אוּנְד גֵייעֶן אַרוֹפּ צוּ דִיא טִיפֶענִים, זַיירֶע זֶעעלֶע צוּגֵייט וֶועגֶען דֶעם שְׁלֶעכְטֶען:

27 זַייא וֶוערֶען פֶערְוָואגֶעלְט אַהִין אוּנְד אַהֶער אַזוֹי וִויא אַ שִׁכּוֹר, אוּנְד זַיירֶע גַאנְצֶע חָכְמָה וֶוערְט פֶערְשְׁלוּנְגֶען:

28 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן צוּ גָאט וֶוען עֶס אִיז זַייא עֶנְג גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר הָאט זַייא אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט פוּן זַיירֶע בֶּעדְרֶענְגֶענִים:

29 עֶר מַאכְט דֶעם שְׁטוּרְמְווִינְד שְׁטִיל, אוּנְד דִיא אִינְדֶען בְּלֵייבֶּען שְׁטִיל:

30 אוּנְד זַייא פְרֵייעֶן זִיךְ, וָוארִין (דִיא קִינְדֶער) זֶענֶען שְׁטִיל גֶעוָוארֶען, אוּנְד אַזוֹי בְּרֶענְגְט עֶר זַייא אַרַיין צוּ דֶעם אָרְט וָואס זַייא פֶערְלַאנְגֶען:

31 אוֹי, דָאס דִיא מֶענְשֶׁען וָואלְטֶען לוֹיבֶּען גָאט פַאר זַיין חֶסֶד, אוּנְד פַאר זַיינֶע וְואוּנְדֶערְלִיכֶע מַעֲשִׂים צוּ דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער:

32 אוּנְד זַייא זָאלֶען אִיהְם דֶערְהֵייבֶען אִין דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד זַייא זָאלֶען אִיהְם לוֹיבֶּען אִין דֶער זִיצוּנְג פוּן דִיא עֶלְצְטֶע:

33 עֶר הָאט גֶעמַאכְט טֵייכֶען צוּ אַ מִדְבָּר, אוּנְד דִיא אוֹיסְגֶענְג פוּן דִיא וַואסֶערְן צוּ אַ דוּרְשְׁטִיגְקֵייט:

34 אַ לַאנְד אַווָאוּ פֵּירוֹת הָאבֶּען גֶעוַואקְסֶען, צוּ גֶעזַאלְצֶענֶע עֶרְד, פוּן וֶועגֶען דֶעם שְׁלֶעכְטֶען פוּן דִיא וָואס וְואוֹינֶען דַארִין:

35 דִיא מִדְבָּר מַאכְט עֶר צוּ אַ שְׁטֵייעֶנְדִיג וַואסֶער, אוּנְד אַ טְרִיקֶען לַאנְד צוּ אֵיין אוֹיסְגַאנְג פוּן וַואסֶער:

36 אוּנְד דָארְט מַאכְט עֶר אַז דִיא הוּנְגֶערִיגֶע זָאלֶען וְואוֹינֶען, כְּדֵי זַייא זָאלֶען אָנְגְרֵייטֶען אַ שְׁטָאט צוּם בֶּעוְואוֹינֶען:

37 אוּנְד זַייא זַייעֶן פֶעלְדֶער, אוּנְד פְלַאנְצֶען וֵויינְגֶערְטֶען וָואס מַאכֶען וַואקְסֶען פֵּירוֹת אוּנְד תְּבוּאוֹת:

38 אוּנְד עֶר בֶּענְשְׁט זַייא, אוּנְד זַייא פֶערְמֶעהְרֶען זִיךְ זֶעהְר, אוּנְד זַיירֶע בְּהֵמוֹת וֶוערֶען נִיט וֶוענִיגֶער:

39 אוּנְד זַייא וֶוערֶען וִוידֶער גֶעמִינֶערְט אוּנְד אַנִידֶערְגֶעבּוֹיגֶען, פוּן וֶועגֶען דֶער אוֹיפְהַאלְטוּנְג פוּן שְׁלֶעכְטֶעס אוּנְד טְרוֹירִיגְקֵייט:

40 עֶר גִיסְט אוֹיס שַׁאנְד אוֹיף דִיא הַארֶען, אוּנְד מַאכְט זַייא פֶערְאִירֶען אִין דִיא וִוסְטֶענִים אַווָאוּ עֶס אִיז נִיט קֵיין וֶועג:

41 אוּנְד דָאךְ דֶערְהֵייבְּט עֶר דֶעם אָרֶעמֶען פוּן זַיין עֶלֶענְד, אוּנְד מַאכְט אִיהְם אַזוֹי וִויא שָׁאף מִשְׁפָּחוֹת:

42 דִיא רֶעכְטְפַארְטִיגֶע וֶועלֶען עֶס

זעהען

זֶעהֶען אוּנְד װֶעלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן, אוּנְד
אַלֶע אוּמְגֶערֶעכְטֶע װֶעלֶען פֶערשְׁטָאפֶּען
זֵייעֶר מוֹיל:
43 װֶער עֶס אִיז אַ חָכָם דֶער װֶעט
דָאס דָאזִיגֶע בֶּעהִיטֶען, אוּנְד זֵייא
װֶעלֶען פֶערשְׁטֵיין דִיא חֲסָדִים פוּן
גָאט:

## תהלים קח

1 אַ לִיד אָדֶער אַ מִזְמוֹר פוּן דָוִד:
2 אוֹי גָאט, מֵיין הַארְץ אִיז אָנְגֶעגְ-
בְּרֵייט, אִיךְ װֶעל זִינְגֶען אוּנְד לוֹיבֶּען,
אַפִילוּ מִיט מֵיין כָּבוֹד:
3 דֶערְװֶעק דִיךְ, דוּא פִידֶעל אוּנְד
הַארְף! אִיךְ אַלֵיין װֶעל מִיךְ גַאנְץ
פְרִיה דֶערְװֶעקֶען:
4 אוֹי גָאט, אִיךְ װֶעל דִיךְ לוֹיבֶּען
צְוִוישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד אִיךְ װֶעל
צוּ דִיר זִינְגֶען צְוִוישֶׁען דִיא קֶענִיגְ-
רֵייכֶען:
5 װָארִין דֵיין חֶסֶד אִיז גְרֶעסֶער פוּן
אִיבֶּער דִיא הִימֶעלְן, אוּנְד בִּיז צוּ דִיא
װָאלְקֶענְס גְרֵייכְט דֵיינֶע װָאהְרְהֵייט:
6 דוּא זָאלְסְט דֶערְהֵייכְט זֵיין אִיבֶּער
דִיא הִימֶעלְן אָ גָאט, אוּנְד דֵיין כָּבוֹד
אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע עֶרְד:
7 כְּדֵי דֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע זָאלֶען נִיצוֹל
װֶערֶען, הֶעלְף מִיט דֵיינֶע רֶעכְטֶע
הַאנְד אוּנְד עֶנְטְפֶער מִיר:
8 גָאט הָאט גֶערֶעט אִין זֵיינֶע הֵיי-
לִיגְקֵייט, אִיךְ װֶעל מִיךְ פְרֵייעֶן, אִיךְ
װֶעל צוּטֵיילֶען שְׁכֶם, אוּנְד אִיךְ װֶעל
אוֹיסְמֶעסְטֶען דָאס טְהָאל סֻכּוֹת:
9 גִלְעָד אִיז מֵיין, מְנַשֶּׁה אִיז (אוֹיךְ)
מֵיין אוּנְד אֶפְרַיִם אִיז דִיא שְׁטַארְקְהֵייט
פוּן מֵיין קָאפּ, יְהוּדָה אִיז מֵיין
גֶעזֶעצְגֶעבֶּער:
10 מוֹאָב אִיז מֵיין װַאשׁ-טָאפּ, אִיבֶּער
אֱדוֹם װֶעל אִיךְ װַארְפֶען מֵיין שִׁיךְ,
אִיבֶּער דִיא פְּלִשְׁתִּים װֶעל אִיךְ שַׁאלֶען:
11 װֶער װֶעט מִיךְ אַרֵיינבְּרֶענְגֶען אִין
דִיא פֶעסְטֶע שְׁטָאט? װֶער װֶעט מִיךְ
פִיהְרֶען בִּיז צוּ אֱדוֹם?
12 װִילְסְט דוּא עֶס נִיט טְהוּן אָ גָאט,
װָאס הָאסְט אוּנְס פֶערְלָאזְט? אוּנְד
װִילְסְט דוּא נִיט אַרוֹיסְגֵיין אָ גָאט,
מִיט אוּנְזֶערֶע חַיָילוֹת:
13 הֶעלְף אוּנְס פוּן דֶעם פֵיינְד, װָארִין
דִיא הִילְף פוּן מֶענְשֶׁען אִיז פַאלְשׁ:
14 דוּרְךְ גָאטְ'ס הִילְף װֶעלֶען מִיר
שְׁטַארְק זֵיין (אִין דִיא מִלְחָמָה), װָארִין
עֶר װֶעט צוּטְרֶעטֶען אוּנְזֶערֶע פֵיינְד:

## תהלים קט

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער פוּן דָוִד, אַ
גֶעזַאנְג-אָ גָאט פוּן מֵיין לוֹיב, שְׁװֵייג
נִיט שְׁטִיל:
2 װָארִין דָאס מוֹיל פוּן דֶעם רָשָׁע,
אוּנְד דָאס מוֹיל פוּן דֶעם פַאלְשֶׁען
זֶענֶען אוֹיף מִיר אוֹיפְגֶעמַאכְט, זֵייא
רֶעדֶען קֶעגֶען מִיר מִיט אַ פַאלְשֶׁע
צוּנְג:
3 אוּנְד מִיט װֶערְטֶער פוּן שִׂנְאָה
הָאבֶּען זֵייא מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען מִיט מִיר מִלְחָמָה גֶעהַאלְ-
טֶען בְּחִנָּם:
4 אָנְשְׁטָאט מֵיינֶע לִיבְּשַׁאפְט הָאבֶּען
זֵייא מִיךְ פֵיינְד, אוּנְד אִיךְ טְהוּא צוּ
דִיר בֶּעטֶען:
5 אוּנְד זֵייא טְהוּן מִיר שְׁלֶעכְטֶעס
אָנְשְׁטָאט גוּטֶעס, אוּנְד זֵייא הַאסֶען
מִיךְ פַאר מֵיינֶע לִיבֶּע:
6 בֶּעפֶעהְל אִיבֶּער אִיהְם אַ רָשָׁע,
אוּנְד לָאז דֶער שָׂטָן שְׁטֵיין בֵּייא זֵיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד:
7 װֶען עֶר װֶערְט גֶעמִשְׁפָּט לָאז עֶר

בְּעשׁוּלְדִיגְט װֶערֶען, אוּנְד אַפִּילוּ זַיין תְּפִלָּה זָאל זַיין צוּ אַ זִינְד׃
8 זַיינֶע טֶעג זָאלֶען זַיין װֶיינִיג, אוּנְד זַיינֶע בֶּעפֶעהְלוּנְג זָאל אֵיין אַנְדֶערֶער צוּגֶעמֶען׃
9 לָאזֶען זַיינֶע קִינְדֶער װֶערֶען יְתוֹמִים, אוּנְד זַיין װַייבּ אֵיינֶע אַלְמָנָה׃
10 אוּנְד לָאזֶען זַיינֶע קִינְדֶער פֶּערְ־װָאגֶעלְט (נָע וָנַד) װֶערֶען אוּנְד אַרוּמְגֵיין בֶּעטְלֶען, אוּנְד זוּכֶען (בְּרוֹיט) פוּן זַיירֶע חוּרְבוֹת׃
11 אוּנְד לָאז דֶער לֵייעֶר אַװֶעקְנֶעמֶען אַלֶעס װָאס עֶר הָאט, אוּנְד לָאזֶען פְרֶעמְדֶע רוֹיבֶען פַארְװָאס עֶר הָאט זִיךְ בֶּעמִיהְט (גֶעאַרְבֵּייט)׃
12 לָאז צוּ אִיהְם קֵיינֶער חֶסֶד אוֹיסְ־צִיהֶען, אוּנְד קֵיינֶער זָאל זִיךְ נִיט דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער זַיינֶע יְתוֹמִים׃
13 לָאז זַיין סוֹף פֶערשְׁנִיטֶען װֶערֶען, אִין אֵיין אַנְדֶער דוֹר זָאל זַיין נָאמֶען אוֹיסְגֶעמֶעקְט װֶערֶען׃
14 דִיא זִינְד פוּן זַיינֶע אָבוֹת זָאלֶען גֶעדֶענְקְט װֶערֶען פַאר גָאט, אוּנְד דִיא זִינְד פוּן זַיינֶע מוּטֶער זָאל נִיט אוֹיסְגֶעמֶעקְט װֶערֶען׃
15 זַייא זָאלֶען שְׁטֶענְדִיג זַיין פָאר גָאט, אוּנְד זַייעֶר גֶעדֶעכֶענִיס זָאל פֶערשְׁנִיטֶען װֶערֶען פוּן דֶער עֶרְד׃
16 װֵייל עֶר הָאט נִיט גֶעדֶענְקְט צוּ טְהוּן חֶסֶד, נֵייעֶרְט עֶר הָאט נָאכְגֶעיָאגְט דֶעם אָרֶעמֶען מַאן אוּנְד דֶעם נוֹיטְ־בֶּעדַארְפְטִיגֶען, אוּנְד צוּ טֵייטֶען דֶעם װָאס הָאט אַ צוּבְרָאכֶען הַארְץ׃
17 אוּנְד װֵייל עֶר הָאט גֶעלִיבְּט דִיא קְלָלָה אַזוֹי אִיז עֶס צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד װֵייל עֶר הָאט נִיט פֶערְלַאנְגְט דִיא בְּרָכָה אַזוֹי הָאט זִיא זִיךְ פוּן אִיהְם דֶערְװַייטֶערְט׃
18 אוּנְד אַזוֹי װִיא עֶר הָאט זִיךְ אָנְ־גֶעטְהוּן מִיט אַ קְלָלָה אַזוֹי װִיא מִיט אַ הֶעמְד, אַזוֹי זָאל עֶס אִין אִיהְם קוּמֶען װִיא װַאסֶער, אוּנְד װִיא אֵייל אִין זַיינֶע בֵּיינֶער׃
19 עֶס זָאל צוּ אִיהְם זַיין אַזוֹי װִיא אַ קְלֵייד װָאס בֶּעדֶעקְט אִיהְם, אוּנְד אַזוֹי װִיא אַ גַארְטֶעל מִיט װָאס עֶר טְהוּט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג אָנְגַארְטֶעלְן׃
20 דָאס זָאל זַיין דִיא בֶּעצָאהְלוּנְג פַאר דִיא װֶערְק פוּן מֵיינֶע פֵיינְד פוּן גָאט, אוּנְד פַאר דִיא װָאס רֶעדֶען שְׁלֶעכְטֶעס אִיבֶּער מִיר׃
21 אָבֶּער טְהוּא דוּא עֶס פַאר מִיר אָ יְהוָֹה מֵיין הַאר, פוּן װֶעגֶען דֵיין נָאמֶענְס װֶעגֶען, װָארִין דֵיינֶע חֲסָדִים זֶענֶען גוּט, אַזוֹי זַייא מִיךְ מַצִיל׃
22 װָארִין אִיךְ בִּין אָרֶעם אוּנְד נוֹיטְ־בֶּעדַארְפְטִיג, אוּנְד מֵיין הַארְץ אִיז קְרַאנְק אִין מִיר׃
23 אִיךְ בִּין אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען אַזוֹי װִיא אַ שָׁאטֶען (פַאר נַאכְט), אוּנְד פֶערְ־װָאגֶעלְט אַזוֹי װִיא אַ הֵיישֶׁערֶעק׃
24 מֵיינֶע קְנִיעֶן זֶענֶען שְׁװַאךְ גֶעְ־װָארֶען פוּן װֶעגֶען פַאסְטֶען, אוּנְד מֵיין פְלֵיישׁ אִיז מָאגֶער גֶעװָארֶען׃
25 אוּנְד אִיךְ בִּין צוּ זַייא גֶעװָארֶען צוּ אַ חֶרְפָּה, װֶען זַייא הָאבֶּען מִיךְ גֶעזֶעהֶען אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט זַייעֶר קָאפּ׃
26 הֶעלְף מִיר אָ יְהוָֹה מֵיין גָאט, אָ הֶעלְף מִיר נָאךְ דֵיין חֶסֶד׃
27 כְּדֵי זַייא זָאלֶען װִיסֶען אַז דָאס אִיז דֵיינֶע הַאנְד, אַז דוּא יְהוָֹה הָאסְט דָאס גֶעטְהוּן׃
28 לָאזֶען זַייא שֶׁעלְטֶען, אָבֶּער בֶּענְשׁ

דוּא, װען זײא שטײען אױף, לאָזען
זײא פֿערשעמט װערען, אָבער לאָז
זיך דײן קנעכט פֿרײען ׃
29 לאָזען מײנע פֿײנד אָנגעטהון
װערען מיט שאַנד, אוּנד לאָזען זײא
זיך בּעדעקען מיט זײערע אײגענע
שאַנד אַזױ װיא מיט אַ העמד ׃
30 איך װעל גאָט זעהר לױבּען מיט
מײן מױל, יוֹא, איך װעל איהם פּרײזען
צװישען פֿילע ׃
31 װאָרין ער װעט שטײן צוּ דער
רעכטער האַנד פוּן דעם אָרעמען, כּדי
איהם צוּ העלפּען פוּן דיא װאָס בּע־
שוּלדיגען איהם ׃

תהלים קי

1 אַ געזאַנג פוּן דוד–יהוה האָט גע־
זאָגט צוּ מײן האַר זעץ דיך צוּ מײנע
רעכטער האַנד, אוּנד איך װעל מאַכען
דײנע פֿײנד צוּ דײנע פוּסבּאַנק ׃
2 גאָט װעט אַרױסשיקען דיא רוּט
פוּן דײנע שטאַרקהײט אױס ציון,
געװעלטיג דוּא צװישען דײנע פֿײנד ׃
3 דײן פֿאָלק װעט פֿרײװיליג זײן אין
דעם טאָג פוּן דײן חיל (אָדער מאַכט)
אין דיא שײנע הײליגקײט, פוּן דײנע
מוּטערס טראַכט (יוּגענד אָן) האָסט
דוּא דעם טױא פוּן דײנע יוּגענד ׃
4 גאָט האָט געשװאָרען, אוּנד ער
װעט קײנע חרטה האָבען, דוּא בּיזט
אַ כּהן אױף אײביג, אױף דער אַרט
פוּן מלכּי צדק ׃
5 דער האַר אַן דײנע רעכטער האַנד
װעט פֿערװאוּנדען מלכים אין דעם
טאָג פוּן זײן צאָרן ׃
6 ער װעט משפּט׳ן צװישען דיא
גוים, ער װעט אָנפֿילען דיא ערטער
מיט דיא טױטע לײבער, ער װעט
פֿערװאוּנדען דעם קאָפּ איבּער פֿילע
לענדער ׃
7 ער װעט טרינקען פוּן דעם טײך
בּײא דעם װעג, דאַריבּער װעט ער
דעם קאָפּ דערהײבּען ׃

תהלים קיא

1 הללויה ! איך װעל גאָט לױבּען
מיט מײן גאַנצען הארץ, אין דיא
פֿערזאַמלוּנג פוּן דיא אױפֿריכטיגע
אוּנד אין דער געמײנדע ׃
2 דיא מעשים פוּן גאָט זענען גרױס,
אױסגעפֿאָרשט פוּן אַלע װאָס האָבען
זײער פֿערלאַנגען אַן זײא ׃
3 זײנע װערק זענען לױבוּנג אוּנד
שײנקײט, אוּנד זײנע גערעכטיגקײט
בּעשטײט אױף אײביג ׃
4 ער האָט געמאַכט זײנע װאוּנדער־
ליכע מעשים געדענקט צוּ װערען,
גאָט איז לײטזעליג אוּנד בּאַרמהערציג ׃
5 ער געט שפּײז צוּ דיא װאָס
האָבען מורא פֿאַר איהם, זײן בּרית
װעט ער אױף אײביג געדענקען ׃
6 דעם כּוח פוּן זײנע מעשים האָט
ער געלאָזט אָנזאָגען צוּ זײן פֿאָלק,
כּדי זײא צוּ געבּען דיא נחלה פוּן דיא
גוים ׃
7 דיא מעשים פוּן זײנע הענד זענען
אמת אוּנד משפּט, אַלע זײנע בּעפֿעהל
זענען בּעגלײבּט (אָדער געטרײא) ׃
8 זײא זענען אוּנטערגעלעהנט אױף
אײביג, זײא זענען געטהון געװאָרען
מיט אמת אוּנד רעכטפֿאַרטיגקײט ׃
9 ער האָט געשיקט אַ דערלײזוּנג צוּ
זײן פֿאָלק, זײן בּרית האָט ער אױף
אײביג געבּאָטען, הײליג אוּנד פֿאָרכ־
טערליך איז זײן נאָמען ׃
10 דער אָנהײבּ פוּן חכמה, איז דיא

פָארְכְט פוּן גָאט, אַ גוּטֶען שֵׂכֶל
הָאבֶּען אַלֶע דִיא וָואס טְהוּן זֵייא, זֵיין
לויב בֶּעשְׁטֵייט אויף אֵייבִּיג:

תהלים קיב

1 הַלְלוּיָה! וְואויל אִיז דֶעם מֶענְשׁ
וָואס הָאט מוֹרָא פַאר גָאט, וָואס
הָאט אַ זֶעהְר גְרויס פֶערְלַאנְגֶען צוּ
זֵיינֶע מִצְוֹת:
2 זֵיינֶע קִינְדֶער וֶועלֶען שְׁטַארְק זֵיין
אויף דִיא עֶרְד, דֶער דוֹר פוּן דִיא
רֶעכְטפַארְטִיגֶע וֶועלֶען דִיךְ בֶּענְשֶׁען:
3 פֶערְמֶעגֶען אוּנְד רֵייכְקֵייט וֶועלֶען
זֵיין אִין זֵיין הויז, אוּנְד זֵיינֶע גֶערֶעכְ־
טִיגְקֵייט וֶועט אויף אֵייבִּיג בֶּעשְׁטֵיין:
4 צוּ דִיא רֶעכְטפַארְטִיגֶע שֵׁיינְט אַ
לִיכְט אִין דִיא פִינְסְטֶערְנִיס, גָאט אִיז
לֵייטְזֶעלִיג, אוּנְד בַּארְמְהֶערְצִיג אוּנְד
גֶערֶעכְט:
5 אַ גוּטֶער מַאן אִיז לֵייטְזֶעלִיג אוּנְד
לֵייעֶט, עֶר פִיהְרְט אוֹיס זֵיינֶע זַאכֶען
מִיט מִשְׁפָּט:
6 עֶר וֶועט זִיךְ אויף אֵייבִּיג נִיט
אוֹיסְגְלִיטְשֶׁען, צוּ אֵיין אָנְדֶענְקֶען פוּן
אֵייבִּיג וֶועט דֶער צַדִיק זֵיין:
7 עֶר וֶועט נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען
פַאר אֵיין שְׁלֶעכְטֶע נָאכְרִיכְט, זֵיין
הַארְץ אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט, עֶר פֶערְזִיכֶערְט
זִיךְ אויף דֶעם הַאר:
8 זֵיין הַארְץ אִיז אָנְגֶעלֶעהְנְט, עֶר
וֶועט נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען, בִּיז עֶר
וֶועט זֶעהֶען דִיא (מַפָּלָה) אִין זֵיינֶע
פֵיינְד:
9 עֶר הָאט צוּשְׁפְּרֵייט, עֶר הָאט
גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא אָרֶעמֶע לֵייט, זֵיינֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט בֶּעשְׁטֵייט אויף אֵייבִּיג,
זֵיין הָארְן הָאסְט דוּא דֶערְהויבֶּען מִיט
כָּבוֹד:
10 דֶער רָשָׁע וֶועט עֶס זֶעהֶען, אוּנְד
עֶר וֶועט דֶערְצָארְנֶען, עֶר וֶועט שַׁארְפֶען
זֵיינֶע צֵיין, אוּנְד עֶר וֶועט צוּגֵיין, דִיא
גְלוּסְטוּנְג פוּן דִיא רְשָׁעִים וֶועט פֶערְ־
לוירֶען וֶוערֶען:

תהלים קיג

1 הַלְלוּיָה! לויבְּט, אָ אִיהְר קְנֶעכְט
פוּן גָאט, לויבְּט דֶעם נָאמֶען פוּן
גָאט:
2 גֶעבֶּענְשְׁט זָאל זֵיין דֶער נָאמֶען פוּן
גָאט פוּן אַצוּנְד אָן בִּיז אויף אֵייבִּיג:
3 פוּן דֶעם אויפְגֵיין פוּן דֶער זוּן
(פוּן מִזְרַח בִּיז מַעֲרָב) בִּיז דֶעם
אוּנְטֶערְגֵיין, זָאל גָאטְ'ס נָאמֶען זֵיין
גֶעלויבְּט:
4 גָאט אִיז דֶערְהֵייכְט אִיבֶּער אַלֶע
פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵיין כָּבוֹד אִיבֶּער דִיא
הִימֶעלְן:
5 וֶוער אִיז אַזוֹי וִויא יְהֹוָה אוּנְזֶער
גָאט, וָואס וְואוינְט אִין דֶער הֵייךְ:
6 עֶר דֶערְנִידֶערִיגְט זִיךְ צוּ זֶעהֶען
וָואס עֶס אִיז אִין דֶעם הִימֶעל אוּנְד
אויף דֶער עֶרְד:
7 עֶר שְׁטֶעלְט אויף דֶעם אָרֶעמֶען פוּן
דֶעם שְׁטוֹיבּ, אוּנְד דֶעם בֶּעדַארְפְטִיגֶען
פוּן דֶעם מִיסְטְהויפֶען:
8 כְּדֵי אִיהְם צוּ זֶעצֶען מִיט פִירְשְׁטֶען,
אַפִילוּ מִיט דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן זֵיין
פָאלְק:
9 עֶר מַאכְט דִיא (עֲקָרָה) וָואס הָאט
קֵיינֶע קִינְדֶער צוּ אַ הויזְגֶעזִינְד, צוּ
זֵיין אַ פְרֵיילִיכֶע מוּטֶער פוּן קִינְדֶער,
הַלְלוּיָה:

תהלים קיד

1 וֶוען יִשְׂרָאֵל אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען
אוֹיס מִצְרַיִם, דָאס הויזְגֶעזִינְד פוּן יַעֲקֹב,
פוּן אַ פָאלְק מִיט אַ פְרֶעמְד לָשׁוֹן:

2 אִיז יְהוּדָה גֶעוָועזֶען זַיין הֵיילִיג־טְהוּם אוּנְד יִשְׂרָאֵל זַיינֶע גֶעוָועלְטִיגְקַייט :

3 דָאס יַם הָאט עֶס גֶעזֶעהֶען, אוּנְד אִיז עֶנְטְלָאפֶען, דֶער יַרְדֵן אִיז הִינְטֶער זִיך אוּמְגֶעקֶעהְרְט גֶעוָוארֶען :

4 דִיא בֶּערְג הָאבֶּען גֶעשְׁפְּרִינְגֶען אַזוֹי וִויא וִוידֶער, אוּנְד דִיא קְלֵיינֶע בֶּערְג־לֶעך אַזוֹי וִויא יוּנְגֶע שָׁאף :

5 וָואס פֶעהְלְט דִיר, אָ דוּא יַם, דָאס דוּא בִּיזְט עֶנְטְלָאפֶען ? אוּנְד דוּא יַרְדֵן דָאס דוּא בִּיזְט הִינְטֶער דִיר אוּמְגֶע־קֶעהְרְט ?

6 אִיהְר בֶּערְג דָאס אִיהְר שְׁפְּרִינְגְט אַזוֹי וִויא וִוידֶער, אוּנְד אִיהְר קְלֵיינֶע בֶּערְגְלֶעךְ אַזוֹי וִויא יוּנְגֶע שָׁאף ?

7 צִיטְטֶער אָ דוּא עֶרְד, פַאר דֶעם הַאר, פַאר דֶעם גָאט פוּן יַעֲקוֹב !

8 דֶער וָואס פֶערְקֶעהְרְט דֶעם פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין אִין אַ שְׁטֵייעֶנְדִיג וַואסֶער, דֶעם שְׁטַארְקֶען פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין צוּ אַ קְוַואל וַואסֶער :

## תהלים קטו

1 נִיט צוּ אוּנְס, אָ גָאט ! נִיט צוּ אוּנְס, נֵייעֶרְט צוּ דֵיין נָאמֶען זָאל דֶער כָּבוֹד גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען פַאר דֵיין חֶסֶד אוּנְד פַאר דֵיינֶע וָואהְרְהֵייט :

2 פַאר וָואס זָאלֶען דִיא גוֹיִם זָאגֶען, אַווָאוּ אִיז דָאךְ זֵייעֶר גָאט ?

3 אָבֶּער אוּנְזֶער גָאט אִיז אִין דֶעם הִימֶעל, עֶר הָאט גֶעטְהוּן וָואס עֶר וִויל :

4 זֵייעֶרֶע גֶעצֶען זֶענֶען זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד, דִיא אַרְבֵּייט פוּן מֶענְשֶׁען'ס הֶענְד :

5 זֵייא הָאבֶּען אַ מוֹיל, אָבֶּער זֵייא רֶעדֶען נִיט, זֵייא הָאבֶּען אוֹיגֶען אָבֶּער זֵייא זֶעהֶען נִיט :

6 זֵייא הָאבֶּען אוֹירֶען אָבֶּער זֵייא הֶערֶען נִיט, אַ נָאז הָאבֶּען זֵייא אָבֶּער זֵייא קֶענֶען נִיט שְׁמֶעקֶען :

7 זֵייא הָאבֶּען הֶענְד, אָבֶּער זֵייא קֶענֶען נִיט טַאפֶּען, זֵייא הָאבֶּען פִּיס אָבֶּער זֵייא קֶענֶען נִיט גֵייען, אוּנְד זֵייא קֶענֶען אוֹיךְ נִיט רֶעדֶען דוּרְךְ זֵייעֶר הַאלְז :

8 דִיא וָואס הָאבֶּען זֵייא גֶעמַאכְט זֶענֶען גְלֵייךְ צוּ זֵייא, אַזוֹי זֶענֶען אוֹיךְ אַלֶע וָואס פֶערְטְרוֹיעֶן זִיךְ אוֹיף זֵייא :

9 אָ יִשְׂרָאֵל פֶערְזִיכֶער דִיךְ אוֹיף גָאט, וָוארִין עֶר אִיז זֵייעֶרע הִילְף אוּנְד שִׁילְד :

10 אָ דוּא הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אַהֲרוֹן פֶערְזִיכֶערְט אֵייךְ אוֹיף גָאט, וָוארִין עֶר אִיז זֵייעֶרע הִילְף אוּנְד שִׁילְד :

11 אָ אִיהְר גָאטֶעס פָארְכְטִיגֶע, פֶערְזִיכֶערְט אֵייךְ אוֹיף גָאט, וָוארִין עֶר אִיז זֵייעֶרע הִילְף אוּנְד שִׁילְד :

12 גָאט הָאט אָן אוּנְס גֶעדֶענְקְט, עֶר וֶועט אוּנְס בֶּענְשֶׁען, עֶר וֶועט בֶּענְשֶׁען דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, עֶר וֶועט בֶּענְשֶׁען דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אַהֲרוֹן :

13 עֶר וֶועט בֶּענְשֶׁען דִיא גָאטֶעס פָארְכְטִיגֶע, בֵּיידֶע קְלֵיין אוּנְד גְרוֹיס :

14 גָאט זָאל אֵייךְ פֶערְמֶעהְרֶען, אֵייךְ אוּנְד אֵיירֶע קִינְדֶער :

15 אִיהְר זֶענְט גֶעבֶּענְשְׁט פוּן גָאט וָואס הָאט גֶעמַאכְט הִימֶעל אוּנְד עֶרְד :

16 דִיא הִימֶעלְן, יוֹא דִיא הִימֶעלְן גֶעהֶערֶען צוּ גָאט, אָבֶּער דִיא עֶרְד הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער :

17 דִיא טוֹיטֶע טְהוּן נִיט גָאט לוֹיבֶּען, אוֹיךְ נִיט דִיא וָואס גֵייעֶן אַרוּפּ אִין דֶער שְׁטִילְהֵייט :

18 אָבֶער מִיר װֶעלֶען גָאט בֶּענְשֶׁען
פוּן אַצוּנְד אָן אוּנְד בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג,
הַלְלוּיָה !

תהלים קטז

1 אִיךְ לִיבּ גָאט, װײל עֶר הָאט גֶע־
הֶערְט מֵיין קוֹל אוּנְד מֵיין גֶעבֶּעט :
2 װײל עֶר הָאט גֶענֵייגְט זֵיין אוֹיעֶר
צוּ מִיר, דַארוּם װֶעל אִיךְ אִיהְם
אָנְרוּפֶען אַזוֹי לַאנְג װיא אִיךְ לֶעבּ :
3 דִיא חֲיָלוֹת פוּן טוֹיט הָאבֶּען מִיךְ
אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, דִיא צָרוֹת פוּן דֶעם
שְׁאוֹל הָאבֶּען מִיךְ אָנְגֶעטְרָאפֶען, אִיךְ
הָאבּ גֶעפוּנֶען צָרוֹת אוּנְד טְרוֹיעֶרִיגְקַייט :
4 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אַן דֶעם
נָאמֶען פוּן גָאט, אוֹי גָאט, אִיךְ בֶּעט
דִיךְ זַייא מִיךְ מַצִיל :
5 גָאט אִיז לֵייטְזֶעלִיג אוּנְד גֶערֶעכְט,
אוּנְד אוּנְזֶער גָאט אִיז בַּארְמְהֶערְצִיג :
6 גָאט בֶּעהִיט דִיא װָאס זֶענֶען
אֵיינְפַאךְ, אִיךְ בִּין גֶעװֶעזֶען אָרֶעם,
אוּנְד עֶר הָאט מִיר גֶעהָאלְפֶען :
7 קֶעהְר צוּרִיק אוֹי מֵיינֶע זֶעעֶלֶע צוּ
דַיינֶע רוּהֶ, װָארִין גָאט הָאט דִיר
גוּטֶעס פֶערְגָאלְטֶען :
8 װָארִין דוּא הָאסְט מִיךְ מַצִיל גֶע־
װֶעזֶען פוּן דֶעם טוֹיט, אוּנְד מֵיינֶע
אוֹיגֶען פוּן טְרֶערֶען, אוּנְד מֵיינֶע פִיס
פוּן דֶעם פֶערְשְׁטוֹיסֶען :
9 אִיךְ װֶעל אַרוּמְגֵיין פַאר גָאט אִין
דֶעם לַאנְד פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע :
10 אִיךְ הָאבּ גֶעגְלוֹיבְּט דַארִיבֶּער
הָאבּ אִיךְ גֶערֶעט, אִיךְ בִּין זֶעהְר גֶע־
פֵּיינִיגְט גֶעװָארֶען :
11 אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט אִין מֵיינֶע
אֵיילֶענִיס, אַלֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען לִיגְנֶערְס :
12 װָאס זָאל אִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ
גָאט, פַאר אַלֶע זֵיינֶע גוּטְקַייט צוּ מִיר ?
13 אִיךְ װֶעל אוֹיפְהֵייבֶּען דָאס כּוֹס
פוּן הִילְף אוּנְד אִיךְ װֶעל אָנְרוּפֶען
דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט :
14 מֵיינֶע נְדָרִים װֶעל אִיךְ בֶּעצָאלֶען
צוּ גָאט, עָנְטְקֶעגֶען פוּן זֵיין גַאנְצֶען
פָאלְק :
15 עֶס אִיז טֵייעֶר אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן
גָאט דֶער טוֹיט פוּן זֵיינֶע הֵיילִיגֶע
(חֲסִידִים) :
16 אִיךְ בֶּעט דִיךְ אָ גָאט, װָארִין אִיךְ
בִּין דַיין קְנֶעכְט, אִיךְ בִּין דַיין קְנֶעכְט
אוּנְד דֶער זוּהְן פוּן דַיינֶע דִינְסְט־מוֹיד,
דוּא הָאסְט אוֹיפְגֶעקְנִיפְּט מֵיינֶע בִּינְד־
שְׁטְרִיק :
17 צוּ דִיר װֶעל אִיךְ מַקְרִיב זֵיין אַ
קָרְבָּן תּוֹדָה, אוּנְד אִיךְ װֶעל אָנְרוּפֶען
אַן דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט :
18 אִיךְ װֶעל בֶּעצָאלֶען מֵיינֶע נְדָרִים
צוּ גָאט, עָנְטְקֶעגֶען פוּן זֵיין גַאנְצֶען
פָאלְק :
19 אִין דִיא פָארְהֵייפֶען פוּן גָאטְ'ס הויז,
אִין צְװִישֶׁען דִיר אוֹי יְרוּשָׁלַיִם, הַלְלוּיָה :

תהלים קיז

1 אָ לוֹיבְּט גָאט אִיהְר אַלֶע פֶעלְקֶער,
לוֹיבְּט אִיהְם אִיהְר אַלֶע אוּמוֹת :
2 װָארִין זֵיין חֶסֶד אִיז זֶעהְר שְׁטַארְק
אִיבֶּער אוּנְס, אוּנְד דֶער אֱמֶת פוּן גָאט
גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף אֵייבִּיג, הַלְלוּיָה !

תהלים קיח

1 אָ לוֹיבְּט צוּ גָאט, װָארִין עֶר אִיז
גוּט, װָארִין זֵיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף
אֵייבִּיג :
2 לָאז דָאךְ יִשְׂרָאֵל אַצוּנְד זָאגֶען,
דָאס זֵיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף אֵייבִּיג :
3 לָאז דָאךְ דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
אַהֲרוֹן זָאגֶען, דָאס זֵיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט
אוֹיף אֵייבִּיג :

4 לָאזֶען דָאךְ דִיא גָאטֶעס פָארכְטִינֶע
זָאגֶען, דָאס זַיין חֶסֶד גֶעדױעֶרְט אוֹיף
אֵייבִּיג׃
5 פוּן דֶער עֶנְגשַׁאפְט הָאבּ אִיךְ גָאט
אָנְגֶערוּפֶען, אוּנְד עֶר הָאט מִיר
גֶעעֶנְטפֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ (גֶע־
שְׁטֶעלְט) אוֹיף אַ בְּרֵייט אָרְט׃
6 גָאט אִיז פַאר מִיר, אִיךְ הָאבּ נִיט
קֵיין מוֹרָא, וָואס קֶענֶען מִיר מֶענְשֶׁען
טְהוּן?
7 גָאט אִיז פַאר מִיר כְּדֵי מִיר צוּ
הֶעלְפֶען, דַארִיבֶּער וֶועל אִיךְ זֶעהֶען
מֵיינֶע לוּסְט אִין מֵיינֶע פֵיינְד׃
8 עֶס אִיז בֶּעסֶער זִיךְ צוּ בֶּעשִׁיצֶען
אוֹיף גָאט אֵיידֶער זִיךְ צוּ פֶערְזִיכֶערְן
אוֹיף מֶענְשֶׁען׃
9 עֶס אִיז בֶּעסֶער זִיךְ צוּ בֶּעשִׁיצֶען
אוֹיף גָאט אֵיידֶער זִיךְ צוּ פֶערְזִיכֶערֶען
אוֹיף פִירְשְׁטֶען׃
10 אַלֶע גוֹיִם הָאבֶּען מִיךְ אַרוּמְגֶע־
רִינְגֶעלְט, אָבֶּער אִין דֶעם נָאמֶען פוּן
גָאט וֶועל אִיךְ זֵייא פֶערְטִילְגֶען׃
11 זֵייא הָאבֶּען מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט,
יוֹא, זֵייא הָאבֶּען מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט,
אָבֶּער אִין דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט וֶועל
אִיךְ זֵייא פֶערְטִילְגֶען׃
12 זֵייא הָאבֶּען מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט
אַזוֹי וִויא בִּינֶען, זֵייא זֶענֶען פֶערְלָאשֶׁען
אַזוֹי וִויא אַ פֵייעֶר פוּן דֶערְנֶער, וָוארִין
אִין דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט וֶועל אִיךְ
זֵייא פֶערְטִילְגֶען׃
13 דוּא הָאסְט מִיךְ גוּט גֶעשְׁטוּיסֶען
אַז אִיךְ זָאל פַאלֶען, אָבֶּער גָאט הָאט
מִיר גֶעהָאלְפֶען׃
14 גָאט אִיז מֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט אוּנְד
מֵיין גֶעזַאנְג, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוָוארֶען
מֵיינֶע הִילְף׃
15 דָאס קוֹל פוּן גֶעזַאנְג אוּנְד הִילְף
וֶועט זַיין אִין דִיא גֶעצֶעלְטֶען פוּן דִיא
צַדִיקִים, דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן גָאט
טְהוּט מֶעכְטִיגְלִיךְ׃
16 דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן גָאט אִיז
דֶערְהוֹיבֶּען; דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן
גָאט טְהוּט מֶעכְטִיגְלִיךְ׃
17 אִיךְ וֶועל נִיט שְׁטַארְבֶּען, נֵייעֶרְט
לֶעבֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל דֶערְצֵיילֶען דִיא
מַעֲשִׂים פוּן גָאט׃
18 גָאט הָאט מִיךְ זֶעהְר שְׁטַארְק
גֶעשְׁטְרָאפְט, אָבֶּער עֶר הָאט מִיךְ נִיט
אִיבֶּערְגֶעעֶנְטפֶערְט צוּ דֶעם טוֹיט׃
19 מַאכְט אוֹיף צוּ מִיר דִיא טוֹיעֶרְן
פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, כְּדֵי אִיךְ זָאל אִין
זֵייא אַרֵיינְקוּמֶען אוּנְד גָאט לוֹיבֶּען׃
20 דָאס אִיז דָאס טוֹיעֶר צוּ גָאט,
דוּרךְ דֶעם וֶועלֶען דִיא צַדִיקִים אַרֵיינְ־
קוּמֶען׃
21 אִיךְ וֶועל דִיךְ לוֹיבֶּען, וָוארִין דוּא
הָאסְט מִיר גֶעעֶנְטפֶערְט, אוּנְד בִּיזְט
גֶעוָוארֶען מֵיינֶע הִילְף׃
22 דֶעם שְׁטֵיין וָואס דִיא בּוֹיעֶרְס
הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען, אִיז גֶעוָוארֶען
דֶער הוֹיפְּט עֶקשְׁטֵיין׃
23 דָאס דָאזִיגֶע אִיז פוּן גָאט גֶע־
שֶׁעהֶען, אוּנְד עֶס אִיז וְואוּנְדֶערְלִיךְ אִין
אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען׃
24 דָאס אִיז דֶער טָאג וָואס גָאט
הָאט גֶעמַאכְט, מִיר וֶועלֶען לוּסְטִיג זַיין
אוּנְד אוּנְס אִין אִיהְם פְרֵייעֶן׃
25 אָ גָאט, מִיר בֶּעטֶען הֶעלְף אוּנְס!
אָ גָאט מִיר בֶּעטֶען בֶּעגְלִיק אוּנְס
דָאךְ!
26 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער וָואס קוּמְט
אִין דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט, מִיר הָאבֶּען
אֵיךְ גֶעבֶּענְשְׁט פוּן דֶעם הוֹיז פוּן גָאט׃

27 גָאט אִיז יְהֹוָה, אוּנְד עֶר הָאט
אוּנְס דֶערְלֵייכְט, בִּינְט אָן דָאס קָרְבָּן
פוּן יוֹם טוֹב מִיט (גְרָאבֶּע) שְׁטְרִיק בִּיז
צוּ דִיא הֶערְנֶער פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ:
28 דוּא בִּיזְט מֵיין גָאט, אוּנְד אִיךְ
וֶועל דִיךְ לוֹיבֶּען, דוּא בִּיזְט מֵיין גָאט
אִיךְ וֶועל דִיךְ דֶערְהֵייבֶּען:
29 אָ לוֹיבְּט צוּ גָאט, וָוארִין עֶר אִיז
גוּט, וָוארִין זֵיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף
אֵייבִּיג:

## תהלים קיט

### א

1 וְואוֹיל אִיז דִיא וָואס זֶענֶען גַאנְץ
אִין דֶעם וֶועג, וָואס גֵייעֶן אִין דֶער
תּוֹרָה פוּן גָאט:
2 וְואוֹיל אִיז דִיא וָואס הִיטֶען זֵיינֶע
צֵיינֶענִים, אוּנְד וָואס זוּכֶען אִיהְם מִיט
דֶעם גַאנְצֶען הַארְץ:
3 זֵייא טְהוּן אוֹיךְ נִיט קֵיין אוּמְרֶעכְט,
גֵייעֶרְט זֵייא גֵייעֶן אִין זֵיינֶע וֶועגֶען:
4 דוּא הָאסְט אוּנְס גֶעבָּאטֶען צוּ
הַאלְטֶען דֵיינֶע בֶּעפֶעהְלֶען אוּנְד זֵייא
זֶעהְר צוּ הִיטֶען:
5 מֵיין גֶעבֶּעט אִיז דָאס מֵיינֶע וֶועגֶען
זָאלֶען זֵיין אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ הִיטֶען דֵיינֶע
גֶעזֶעץ:
6 דֶענְסְטְמָאל וֶועל אִיךְ נִיט פֶערְ־
שֶׁעמְט וֶוערֶען, וֶוען אִיךְ וֶועל אָנְקוּקֶען
אַלֶע דֵיינֶע מִצְוֹת:
7 אִיךְ וֶועל דִיךְ לוֹיבֶּען מִיט אֵיין
אוֹיפְרִיכְטִיג הַארְץ, וֶוען אִיךְ וֶועל
לֶערְנֶען דֵיינֶע גֶערֶעכְטֶע מִשְׁפָּטִים:
8 אִיךְ וֶועל הִיטֶען דֵיינֶע גֶעזֶעץ, אָ
פֶערְלָאז מִיךְ נִיט (אִים גַאנְצֶען):

### ב

9 מִיט וָואס זָאל אַ יוּנְגֶער מַאן
רֵיינִיגֶען זֵיין שְׁטֶעג? וֶוען עֶר וֶועט
הִיטֶען דֵיין וָועג:
10 אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעזוּכְט מִיט מֵיין
גַאנְץ הַארְץ, אָ לָאז מִיךְ נִיט אַוֶּועקְ־
וַואנְדֶערְן פוּן דֵיינֶע מִצְוֹת:
11 אִיךְ הָאבּ בֶּעהַאלְטֶען דֵיינֶע וֶוערְ־
טֶער אִין מֵיין הַארְץ, כְּדֵי אִיךְ זָאל
נִיט קֶענֶען דִיר זִינְדִיגֶען:
12 גֶעבֶּענְשְׁט בִּיזְט דוּא אָ גָאט,
לֶעהְר מִיךְ דֵיינֶע גֶעזֶעץ:
13 אִיךְ הָאבּ דֶערְצֵיילְט מִיט מֵיינֶע
לִיפֶּען אַלֶע מִשְׁפָּטִים פוּן דֵיין מוֹיל:
14 אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעפְרֵייט אִין דֶעם
וֶועג פוּן דֵיינֶע בֶּעפֶעהְלֶען, מֶעהְר וִויא
מִיט אַלֶעם פֶערְמֶעגֶען:
15 אִיךְ וֶועל טְרַאכְטֶען אִיבֶּער דֵיינֶע
בֶּעפֶעהְל, אוּנְד אִיךְ וֶועל קוּקֶען אוֹיף
דֵיינֶע וֶועגֶען:
16 אִיךְ וֶועל מִיךְ פְרֵייעֶן אִין דֵיינֶע
גֶעזֶעץ, אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט פֶערְגֶעסֶען
דֵיין וָוארְט:

### ג

17 זֵייא וָואוֹילְגֶעפֶעלִיג צוּ דֵיין קְנֶעכְט,
כְּדֵי אִיךְ זָאל לֶעבֶּען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ
הִיטֶען דֵיין וָוארְט:
18 מַאךְ אוֹיף מֵיינֶע אוֹיגֶען, כְּדֵי אִיךְ
זָאל זֶעהֶען דִיא וְואוּנְדֶערְלִיכֶע זַאכֶען
פוּן דֵיינֶער תּוֹרָה:
19 אִיךְ בִּין (נָאר) אַ גֵר אוֹיף דֶער
עֶרְדֶ, בֶּעהַאלְט נִיט דֵיינֶע מִצְוֹת פוּן
מִיר:
20 מֵיינֶע זֶעעלֶע אִיז צוּבְּרָאכֶען פוּן
וֶועגֶען דֶער לוּסְט צוּ דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים
אַלֶע צֵייט:
21 דוּא הָאסְט אָנְגֶעשְׁרִיגֶען דִיא
שְׁטָאלְצֶע וָואס זֶענֶען פֶערְשָׁאלְטֶען,
וָואס פֶערְאִירֶען זִיךְ פוּן דֵיינֶע מִצְוֹת:
22 וֶועלְגֶער אָפּ פוּן מִיר דִיא חֶרְפָּה

אוּנְד שַׁאנְד, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעהִיט דֵיינֶע צֵייגְנִים :

23 אוֹיךְ פִירְשְׁטֶען זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען קֶעגֶען מִיר גֶערֶעט, אָבֶּער דֵיין קְנֶעכְט טְהוּט טְרַאכְטֶען אִין דֵיינֶע גֶעזֶעץ :

24 אוֹיךְ דֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע זֶענֶען מֵיינֶע פְרֵייד–יוּא אַפִילוּ עֵצָה־לֵייט :

ד

25 מֵיינֶע זֶעלֶע אִיז בֶּעהֶעפְט צוּ דֶעם שְׁטוֹיבּ, מַאךְ מִיךְ לֶעבֶּען נָאךְ דֵיין וָוארְט :

26 מֵיינֶע וֶועגֶען הָאבּ אִיךְ דֶערְצֵיילְט, אוּנְד דוּא הָאסְט מִיר גֶעעֶנְטְפֶערְט, אָ לֶעהְר מִיךְ דֵיינֶע וֶועגֶען :

27 מַאךְ מִיךְ פֶערשְׁטֵיין דֶעם וֶועג פוּן דֵיינֶע בֶּעפֶעהְל, כְּדֵי אִיךְ זָאל נָאכטְרַאכְטֶען אִיבֶּער דֵיינֶע וְואוּנְדֶער :

28 מֵיינֶע זֶעלֶע טְרִיפְט אוֹיס וֶועגֶען טְרוֹירִיגְקֵייט, מַאךְ מִיךְ בֶּעשְׁטֵיין נָאךְ דֵיין וָוארְט :

29 טְהוּא אָפּ פוּן מִיר דֶעם פַאלְשֶׁען וֶועג, אָבֶּער לֵייטְזֶעלִיג מִיךְ דוּרְךְ דֵיינֶע תּוֹרָה :

30 אִיךְ הָאבּ אוֹיסְדֶערְוֶויילְט דֶעם וֶועג פוּן אֱמֶת, דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים הָאבּ אִיךְ פַאר מִיר גֶעטְהוּן :

31 אִיךְ הָאבּ מִיךְ בֶּעהֶעפְט אִין דֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע, אָ גָאט לָאז מִיךְ נִיט פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען :

32 אִיךְ וֶועל לוֹיפֶען אִין דֶעם וֶועג פוּן דֵיינֶע מִצְוֹת, וָוארִין דוּא וֶועסְט דֶערבְּרֵייטֶערְן מֵיין הַארְץ :

ה

33 אָ גָאט, לֶעהְר מִיךְ דֶעם וֶועג פוּן דֵיינֶע גֶעזֶעץ, אַזוֹי וֶועל אִיךְ זֵייא הִיטֶען אוֹיף אִיטְלִיכֶען טְרִיט :

34 מַאךְ מִיךְ פֶערשְׁטֶענְדִיג כְּדֵי אִיךְ זָאל הִיטֶען דֵיינֶע תּוֹרָה, אוּנְד אַז אִיךְ זָאל זִיא הִיטֶען מִיט דֶעם גַאנְצֶען הַארְץ :

35 פִיהְר מִיךְ אוֹיף דֶעם שְׁטֶעג פוּן דֵיינֶע מִצְוֹת, וָוארִין אִין זֵייא אִיז מֵיין פֶערְלַאנְגֶען :

36 נֵייג מֵיין הַארְץ צוּ דֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע, אוּנְד נִיט צוּ גֵייצִיגְקֵייט :

37 טְהוּא אַוֶועק מֵיינֶע אוֹיגֶען כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט זֶעהֶען פַאלְשְׁקֵייט, דֶערקְוִויק מִיךְ אִין דֵיינֶע וֶועגֶען :

38 לָאז דֵיין וָוארְט מְקוּיָם וֶוערֶען צוּ דֵיין קְנֶעכְט, וָואס טְהוּט דִיךְ פָארְכְטֶען :

39 טְהוּא אַוֶועק מֵיינֶע חֶרְפָּה וָואס אִיךְ פָארְכְט, וָוארִין דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען גוּט :

40 זֶעה, אִיךְ הָאבּ גֶעגְלוּסְט צוּ דֵיינֶע בֶּעפֶעהְלוּנְגֶען, דֶערקְוִויק מִיךְ אִין דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט :

ו

41 אָ גָאט, לָאז דֵיין חֶסֶד צוּ מִיר קוּמֶען–דֵיינֶע הִילְף אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט צוּגֶעזָאגְט :

42 אוּנְד אַזוֹי וֶועל אִיךְ עֶנְטְפֶערְן אַ וָוארְט צוּ דֶעם וָואס לֶעסְטֶערְט מִיךְ, וָוארִין אִיךְ פֶערְטְרוֹי אוֹיף דֵיין וָוארְט :

43 אוּנְד נֶעם נִיט אִין גַאנְצֶען אַוֶועק פוּן מֵיין מוֹיל דָאס וָוארְט פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט, וָוארִין אִיךְ הָאף צוּ דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים :

44 אוּנְד אִיךְ וֶועל דֵיינֶע תּוֹרָה הִיטֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג, אוֹיף אִימֶער אוּנְד אֵייבִּיג :

45 אוּנְד אִיךְ וֶועל אַרוּמְגֵיין אוֹיף דֶער בְּרֵייטֶענִים, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעפָארְשְׁט נָאךְ דֵיינֶע בֶּעפֶעהְלֶען :

46 אונד איך וועל רעדען פון דיינע
צייגניסע פאר מלכים, אונד איך וועל
מיך ניט שעהמען :
47 אונד איך וועל מיך לוסטיג מאכען
מיט דיינע מצות וואס איך האב ליב :
48 אונד איך וועל אויפהייבען מיינע
הענד צו דיינע מצות, וואס איך האב
ליב, אונד איך וועל טראכטען אין
דיינע געזעץ :

ז

49 געדענק דאך דאס ווארט צו דיין
קנעכט, אויף וועלכעס דוא האסט מיך
געמאכט האפען :
50 דאס איז מיין טרייסט אין מיין
עלענד, ווארין דיינע צוזאג האט מיך
דערקוויקט :
51 דיא שטאלצע פערשפעטען מיך
זעהר, אבער איך גייג מיך ניט אפ
פון דיינע תורה :
52 איך געדענק דיינע משפטים פון
אייביג אן, אוי גאט, אונד איך האב
מיך געטרייסט :
53 א ציטערנים האט מיך אנגענומען
פון וועגען דיא רשעים וואס פערלאזען
דיינע תורה :
54 דיינע געזעץ זענען געוועזען צו
מיר געזאנגען אין דעם הויז פון מיינע
וואוינונג :
55 איך האב געדענקט אן דיין נאמען
ביי נאכט, אוי גאט, אונד איך האב
געהיט דיינע תורה :
56 דאס דאזיגע האב איך געהאט
וייל איך האב געהיט דיינע בעפעהל :

ח

57 דוא ביזט מיין חלק, אוי גאט,
איך האב געזאגט אז איך וועל היטען
דיין ווארט :
58 איך האב אנגעבעטען דיין פנים
מיט דעם גאנצען הארץ, לייטזעליג
מיך נאך דיין ווארט :
59 איך האב געדענקט אן מיינע
וועגען, אונד האב אומגעקעהרט מיינע
פיס צו דיינע צייגניסען :
60 איך האב מיך געאיילט, אונד איך
האב ניט געזוימט צו היטען דיינע
מצות :
61 דיא באנדע פון דיא רשעים האבען
מיך בערויבט, אבער איך האב ניט
פערגעסען דיינע תורה :
62 אין מיטען פון דער נאכט וועל
איך אויפשטייען דיך צו לויבען פאר
דיינע גערעכטע משפטים :
63 איך בין א חבר צו אלע וואס
האבען פאר דיר מורא, אונד וואס
האלטען דיינע בעפעהל :
64 דיא ערד איז פול מיט דיין חסד,
אוי גאט! לעהר מיך דיינע געזעץ :

ט

65 דוא האסט געטהון גוטעס צו דיין
קנעכט אוי גאט, נאך דיין ווארט :
66 לעהר מיך גוטען פערשטאנד,
אונד וויסענשאפט, ווארין איך האב
געגלויבט דיינע מצות :
67 איידער איך האב געליטען בין
איך געוועזען א שוגג, אבער אצונד
האב איך געהיט דיין ווארט :
68 דוא ביזט גוט, אונד דוא טהוסט
גוטעס, לעהר מיך דיינע געזעץ :
69 דיא שטאלצע האבען קעגען מיר
אויסגעטראכט א ליגען, אבער איך היט
מיט מיין גאנצען הארץ דיינע בעפעהל :
70 זייער הארץ איז פערגראבט אזוי
וויא חלב, אבער איך האב לוסט צו
דיינע תורה :

71 עֶס אִיז גוּט גֶעוֶועזֶען פַאר מִיר דָאס אִיךְ הָאבּ גֶעלִיטֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל לֶערְנֶען דֵיינֶע גֶעזֶעץ׃

72 דִיא תּוֹרָה פוּן דֵיין מוֹיל אִיז מִיר בֶּעסֶער וִויא טוֹיזֶענְד פוּן גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער׃

י

73 דֵיינֶע הֶענְד הָאבֶּען מִיךְ גֶעמַאכְט אוּנְד צוּגֶעבְּרֵייט, גִיבּ מִיר פֶערְשְׁטַאנְד אַז אִיךְ זָאל לֶערְנֶען דֵיינֶע מִצְוֹת׃

74 דִיא וָואס פָארְכְטֶען דִיךְ וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן וֶוען זֵייא וֶועלֶען מִיךְ זֶעהֶען, ווייל אִיךְ הָאבּ גֶעהָאפְט אוֹיף דֵיין וָוארְט׃

75 אִיךְ ווייס, אוֹי גָאט אַז דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען גֶערֶעכְט, אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ אִין דֵיינֶע טְרֵייהֵייט גֶע־פֵּיינִיגְט׃

76 אִיךְ בֶּעט דִיךְ לָאז מִיךְ דָאךְ דֵיין חֶסֶד טְרֵייסְטֶען, נָאךְ דֵיין וָוארְט צוּ דֵיין קְנֶעכְט׃

77 לָאזֶען דֵיינֶע בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייטֶען צוּ מִיר קוּמֶען, אַז אִיךְ זָאל לֶעבֶּען, וָוארִין מֵיינֶע לוּסְט אִיז אִין דֵיינֶע תּוֹרָה׃

78 דִיא שְׁטָארְצֶע זָאלֶען פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען מִיךְ אוּמְ־זִיסְט מִיט לִיגֶען שׁוּלְדִיג גֶעמַאכְט, אָבֶּער אִיךְ טְרַאכְט נָאךְ אִין דֵיינֶע בֶּעפֶעהְל׃

79 לָאזֶען דִיא וָואס הָאבֶּען פַאר דִיר מוֹרָא זִיךְ צוּ מִיר קֶעהְרֶען, אוּנְד אוֹיךְ דִיא וָואס ווִיסֶען דֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע׃

80 לָאז מֵיין הַארְץ זֵיין גַאנְץ אִין דֵיינֶע גֶעזֶעץ, כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען׃

כ

81 מֵיינֶע זֶעעֶלֶע שְׁמַאכְט צוּ דֵיינֶע הִילְף, אָבֶּער אִיךְ הָאף אִין דֵיין וָוארְט׃

82 מֵיינֶע אוֹיגֶען שְׁמַאכְטֶען צוּ דֵיין וָוארְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען וֶועסְט דוּא מִיךְ טְרֵייסְטֶען׃

83 וָוארִין אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא אַ לָאגֶעל אִין דֶעם רוֹיךְ, דָאךְ פֶערְגֶעס אִיךְ נִיט דֵיינֶע גֶעזֶעץ׃

84 וִויא פִיל זֶענֶען דִיא טֶעג פוּן דֵיין קְנֶעכְט, וֶוען וֶועסְט דוּא טְהוּן מִשְׁפָּט אַן מֵיינֶע יָאגֶערְס?

85 דִיא שְׁטָאלְצֶע הָאבֶּען גֶעגְרָאבֶּען גְרִיבֶּער פַאר מִיר, וָואס זֶענֶען נִיט נָאךְ דֵיינֶע תּוֹרָה׃

86 אַלֶע דֵיינֶע מִצְוֹת זֶענֶען אֶמֶת, זֵייא פֶערְפָאלְגֶען מִיךְ מִיט שֶׁקֶר, הֶעלְף מִיר׃

87 אִין אַ קְלֵיינִיגְקֵייט וָואלְטֶען זֵייא מִיךְ פֶערְלֶענְט אוֹיף דֶער עֶרְד, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ נִיט פֶערְלָאזְט דֵיין בֶּע־פֶעהְל׃

88 דֶערְקְווִיק מִיךְ נָאךְ דֵיין חֶסֶד, אַזוֹי וֶועל אִיךְ הִיטֶען דָאס עֵדוּת פוּן דֵייז מוֹיל׃

ל

89 אוֹיף אֵייבִּיג אָ גָאט, בֶּעשְׁטֵייט דֵיין וָוארְט אִין דֶעם הִימֶעל׃

90 דֵיינֶע טְרֵייהֵייט אִיז צוּ דוֹר דוֹרוֹת, דוּא הָאסְט אָנְגֶעבְּרֵייט דִיא עֶרְד אוּנְד זִיא בֶּעשְׁטֵייט׃

91 זֵייא שְׁטֵייעֶן נָאךְ הֵיינְט נָאךְ דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, וָוארִין אַלֶע זֶענֶען דֵיינֶע קְנֶעכְט׃

92 וֶוען דֵיין תּוֹרָה וָואלְט נִיט גֶעוֶועזֶען מֵיינֶע לוּסְט, אַזוֹי וָואלְט אִיךְ שׁוֹין לַאנְג אוּמְגֶעקוּמֶען אִין מֵיין עֶלֶענְד׃

אויף

93 אוֹיף אֵייבִּיג וֶועל אִיךְ נִיט פֶֿערְגֶעסֶען דֵיינֶע בֶּעפֶֿעהְל, וָוארִין דוּרְךְ זֵייא הָאסְט דוּא מִיךְ דֶערקְוִויקְט:

94 אִיךְ גֶעהֶער צוּ דִיר, אוֹי הֶעלְף מִיר, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעפָֿארְשְׁט דֵיין בֶּעפֶֿעהְל:

95 דִיא רְשָׁעִים הָאבֶּען אוֹיף מִיר גֶעוַוארְט כְּדֵי מִיךְ צוּ פֶֿערְטִילְגֶען, אָבֶּער אִיךְ טְהוּא אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוֹיף דֵיינֶע צֵייגְנִים:

96 צוּ אַלֶע פָֿאלְקָאמֶענְהֵייט הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אֵיין עֶנְד, אָבֶּער דֵיינֶע מִצְוֹת זֶענֶען זֶעהְר בְּרֵייט:

מ

97 אוֹי וִויא הָאבּ אִיךְ לִיבּ דֵיינֶע תּוֹרָה, דֶעם גַאנְצֶען טָאג אִיז זִיא מֵיינֶע בֶּעטְרַאכְטוּנְג:

98 דוּא הָאסְט מִיךְ קְלִוגֶער גֶעמַאכְט וִויא מֵיינֶע פֵֿיינְד דוּרְךְ דֵיינֶע מִצְוֹת, וָוארִין זֵייא זֶענֶען אֵייבִּיג מִיט מִיר:

99 אִיךְ בִּין קְלִוגֶער פוּן אַלֶע מֵיינֶע מְלַמְּדִים, וֵוייל אִיךְ טְרַאכְט אִין דֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע:

100 אִיךְ בִּין פֶֿערשְׁטֶענְדִיגֶער פוּן דִיא זְקֵנִים, וֵוייל אִיךְ הַאלְט דֵיין בֶּעפֶֿעהְל:

101 אִיךְ הָאבּ מֵיינֶע פִֿיס צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען פוּן אִיטְלִיכֶען שְׁלֶעכְטֶען וֶועג, כְּדֵי אִיךְ זָאל הִיטֶען דֵיין וָוארְט:

102 אִיךְ הָאבּ מִיךְ נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, וָוארִין דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעלֶעהְרְט:

103 אוֹי וִויא זִיס זֶענֶען דֵיינֶע וֶוערְטֶער צוּ מֵיין גוּימֶען! יוֹא, זִיסֶער וִויא הָאנִיג צוּ מֵיין מוֹיל!

104 דוּרְךְ דֵיינֶע בֶּעפֶֿעהְלֶע קְרִיג אִיךְ פֶֿערְשְׁטַאנְד, דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ פֵֿיינְד אִיטְלִיכֶען פַאלְשֶׁען וֶועג:

נ

105 דֵיין וָוארְט אִיז אַ לַאמְפּ צוּ מֵיינֶע פִֿיס, אוּנְד אַ לִיכְט אוֹיף מֵיינֶע שְׁטֶעג:

106 אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁוואוֹירֶען אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס מְקַיֵּים זֵיין, אַז אִיךְ וֶועל הַאלְטֶען דֵיינֶע רֶעכְטֶע מִשְׁפָּטִים:

107 אִיךְ בִּין זֶעהְר גֶעפְּלָאגְט, אָ גָאט דֶערקְוִויק מִיךְ נָאךְ דֵיין וָוארְט:

108 נֶעם אָן דִיא בֶּעווילִיגוּנְג פוּן מֵיין מוֹיל, אָ גָאט, אוּנְד לֶעהְר מִיךְ דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים:

109 מֵיין לֶעבֶּען אִיז שְׁטֶענְדִיג אִין מֵיינֶע הַאנְד, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ נִיט פֶֿערְגֶעסֶען דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים:

110 דִיא רְשָׁעִים הָאבֶּען גֶעלֵייגְט אַ נֶעץ פַאר מִיר, דָאךְ הָאבּ אִיךְ מִיךְ נִיט פֶֿערְאִירְט פוּן דֵיינֶע בֶּעפֶֿעהְל:

111 אִיךְ הָאבּ גֶעיַרְשֶׁנְתְּ דֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע אוֹיף אֵייבִּיג, וָוארִין זֵייא זֶענֶען דִיא פְֿרֵייד פוּן מֵיין הַארְץ:

112 אִיךְ הָאבּ גֶענֵייגְט מֵיין הַארְץ צוּ טְהוּן דֵיינֶע גֶעזֶעצֶע אֵייף אֵייבִּיג, יוֹא, בִּיז צוּ דֶעם עֶנְד:

ס

113 אִיךְ הָאבּ פֵֿיינְד דִיא וָואס צְוֵוייפֶֿלֶען (וָואס הָאבֶּען שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען), אָבֶּער דֵיינֶע תּוֹרָה הָאבּ אִיךְ לִיבּ:

114 דוּא בִּיזְט מֵיינֶע פֶֿערְבָּארְגֶענִים אוּנְד מֵיינֶע בֶּעשִׁיצוּנְג, אִיךְ הָאף אוֹיף דֵיין וָוארְט:

115 קֶעהְרְט אֵייךְ אָפּ פוּן מִיר אִיהְר שְׁלֶעכְטֶע לֵייט, וָוארִין אִיךְ וֶועל הִיטֶען דִיא מִצְוֹת פוּן מֵיין גָאט:

116 לֶעהְן מִיךְ אוּנְטֶער נָאךְ דֵיין וָוארְט, אוּנְד לָאז מִיךְ לֶעבֶּען, אוּנְד

לָאז מִיךְ נִיט פֶערְשֶׁעהֶמְט וֶוערֶען פוּן מֵיינֶע הָאפֶענוּנְג׃
117 לֶעהֶן מִיךְ אוּנְטֶער אַזוֹי וֶועל אִיךְ גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל תָּמִיד עוֹסֵק זֵיין אִין דֵיין גֶעזֶעץ׃
118 דוּא הָאסְט צוּטְרֶעטֶען אַלֶע וָואס טְהוּן זִיךְ פֶערְאִירֶען פוּן דֵיין גֶעזֶעץ, וָוארִין זֵייעֶרֶע בֶּעטְרִיגֶערֵייא אִיז פַאלְשׁ־הֵייט׃
119 דוּא הָאסְט פֶערְשְׁטֶערְט אַלֶע רְשָׁעִים פוּן דֶער עֶרְד אַזוֹי וִויא פְסוֹלֶת, דַארוּם לִיבּ אִיךְ דֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע׃
120 מֵיין פְלֵייש הָאט גֶעצִיטֶערְט פוּן וֶועגֶען דֵיינֶע פָארְכְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מוֹרָא פַאר דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים׃

ע

121 אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן מִשְׁפָּט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, דוּא זָאלְסְט מִיךְ נִיט אִיבֶּערְלָאזֶען צוּ מֵיינֶע רוֹיבֶּערְס׃
122 זֵייא עָרֶב פַאר דֵיין קְנֶעכְט צוּ דֶעם גוּטֶען, לָאזֶען מִיךְ נִיט דִיא שְׁטָאלְצֶע אוּנְטֶערְדְרִיקֶען׃
123 מֵיינֶע אוֹיגֶען וֶוערֶען פֶערְלֶענְט פוּן וֶועגֶען דֵיינֶע הִילְף, אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֶעם וָוארְט פוּן דֵיינֶע גֶער־רֶעכְטִיגְקֵייט׃
124 טְהוּא מִיט דֵיין קְנֶעכְט נָאךְ דֵיינֶער גְנָאד, אוּנְד לֶעהְר מִיךְ דֵיינֶע גֶעזֶעץ׃
125 אִיךְ בִּין דֵיין קְנֶעכְט מַאךְ מִיךְ פֶערְשְׁטֵיין, כְּדֵי אִיךְ זָאל ווִיסֶען דֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע׃
126 עֶס אִיז צֵייט פַאר דִיר גָאט צוּ טְהוּן, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען פֶערשְׁטֶערְט דֵיינֶע תּוֹרָה׃
127 דַארוּם הָאבּ אִיךְ גֶעלִיבְּט דֵיינֶע מִצְוֹת מֶעהְר וִויא גָאלְד אוּנְד פֵיינְגָאלְד׃
128 דַארוּם הָאבּ אִיךְ אִיטְלִיכֶע פוּן דֵיינֶע בֶּעפֶעהְלֶען־אַלֶע פַאר רֶעכְט בֶּעטְרַאכְט, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ פֵיינְד אִיטְלִיכֶען פַאלְשֶׁען וֶועג׃

פ

129 דֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע זֶענֶען וְואוּנְדֶער־לִיךְ, דַארִיבֶּער טְהוּט זֵייא מֵיינֶע זֶעעֶלֶע הִיטֶען׃
130 דָאס אוֹיפְמַאכֶען פוּן דֵיין וָוארְט טְהוּט דֶערְלֵייכְטֶען, עֶס גֶעט פֶער־שְׁטַאנְד צוּ דִיא אֵיינְפֶעלְטִיגֶע׃
131 אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעמַאכְט מֵיין מוֹיל כְּדֵי אִיךְ זָאל אָטֶעמֶען, וָוארִין אִיךְ הָאבּ לוּסְט צוּ דֵיינֶע מִצְוֹת׃
132 קֶעהְר דִיךְ אוּם צוּ מִיר אוּנְד לֵייטְזֶעלִיג מִיךְ, נָאךְ דֶעם מִשְׁפָּט צוּ דִיא וָואס לִיבֶּען זֵיין נָאמֶען׃
133 בֶּעפֶעסְטִיג מֵיינֶע טְרִיט דוּרְךְ דֵיין וָוארְט, אוּנְד לָאז קֵיינֶע אוּמְגֶע־רֶעכְטִיגְקֵייט אִיבֶּער מִיר גֶעוֶועלְטִיגֶען׃
134 דֶערְלֵייז מִיךְ פוּן דִיא רוֹיבֶּערֵייא פוּן מֶענְשֶׁען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ הִיטֶען דֵיינֶע בֶּעפֶעהְל׃
135 מַאךְ דֵיין פָּנִים דֶערְלֵייכְטֶען דֵיין קְנֶעכְט, אוּנְד לֶעהְר מִיךְ דֵיינֶע גֶעזֶעץ׃
136 טֵייכֶען וַואסֶער רִינֶען אַרוּנְטֶער פוּן מֵיינֶע אוֹיגֶען, ווייל זֵייא הִיטֶען נִיט דֵיינֶע תּוֹרָה׃

צ

137 דוּא בִּיזְט אַ צַדִיק אָ גָאט, אוּנְד דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען רֶעכְטפַארְטִיג׃
138 דֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט גֶעבָּאטֶען זֶענֶען גֶערֶעכְט אוּנְד זֶעהְר טְרֵייא׃
139 מֵיין קִנְאָה הָאט מִיךְ פֶערשְׁנִיטֶען, ווייל מֵיינֶע פֵיינְד הָאבֶּען פֶערְגֶעסֶען דֵיין וָוארְט׃

140 דֵיינֶע װֶערְטֶער זֶענֶען זֶעהְר גֶעלֵייטֶערְט, אוּנְד דֵיין קְנֶעכְט לִיבְּט עֶס:

141 אִיךְ בִּין יוּנְג אוּנְד פֶערְאַכְטֶעט, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ נִיט פֶערְגֶעסֶען דֵיינֶע בֶּעפֶעהְלֶען:

142 דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד דֵיינֶע תּוֹרָה אִיז אֶמֶת:

143 צָרוֹת אוּנְד עֶנְגְשַׁאפְט הָאבֶּען מִיךְ אָנְגֶעטְרָאפֶען, אָבֶּער דֵיינֶע מִצְוֹת זֶענֶען מֵיינֶע לוּסְט:

144 דֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע זֶענֶען אוֹיף אֵייבִּיג גֶערֶעכְט, מַאךְ מִיךְ פֶערשְׁטֵיין אוּנְד אִיךְ װֶעל לֶעבֶּען:

ק

145 אִיךְ הָאבּ גֶערוּפֶען מִיט מֵיין גַאנְצֶען הַארְץ, עֶנְטְפֶער מִיר, אוֹי גָאט, אִיךְ װֶעל הִיטֶען דֵיינֶע גֶעזֶעץ:

146 אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶערוּפֶען, הֶעלְף מִיר, אַזוֹי װֶעל אִיךְ הִיטֶען דֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע:

147 אִיךְ שְׁטֵייא אוֹיף פַאר טָאג אוּנְד שְׁרֵייא (בֶּעטֶע), אִיךְ הָאבּ גֶעהָאפְט אוֹיף דֵיין װָארְט:

148 מֵיינֶע אוֹיגֶען װַאכֶען אוֹיף אִין דֶער נַאכְט־װַאךְ נָאךְ צוּ דֶענְקֶען אִין דֵיין װָארְט:

149 דֶערְהֶער מֵיין קוֹל נָאךְ דֵיין חֶסֶד, אוֹי גָאט! נָאךְ דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים דֶערְקְוִויק מִיךְ:

150 דִיא װָאס יָאגֶען נָאךְ שְׁלֶעכְטֶעס הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהְנְט, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דֶערְוַוייטֶערְט פוּן דֵיינֶע תּוֹרָה:

151 דוּא, אוֹי גָאט בִּיזְט נָאהֶענְט, אָבֶּער אַלֶע דֵיינֶע מִצְוֹת זֶענֶען אֶמֶת:

152 אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פוּן פְרִיהֶער גֶעװוּאוּסְט פוּן דֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע, װָארִין דוּא הָאסְט זֵייא פוּן אֵייבִּיג אָן גֶעגְרוּנְדֶעט:

ר

153 זֶעה אָן מֵיין עֶלֶענְד, אוּנְד זֵייא מִיךְ מַצִיל, װָארִין אִיךְ הָאבּ נִיט פֶערְגֶעסֶען דֵיינֶע תּוֹרָה:

154 קְרִיג דוּא מֵיין קְרִיג, אוּנְד דֶערְלֵייז מִיךְ, דֶערְקְוִויק מִיךְ נָאךְ דֵיין װָארְט:

155 דִיא הִילְף אִיז װַייט פוּן דִיא רְשָׁעִים, װַייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעפָארְשְׁט דֵיינֶע גֶעזֶעץ:

156 דֵיינֶע בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייטֶען זֶענֶען פִיל, אוֹי גָאט! דֶערְקְוִויק מִיךְ נָאךְ דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים:

157 פִילֶע זֶענֶען מֵיינֶע פֶערְפָאלְגֶערְס, אוּנְד מֵיינֶע פֵיינְד, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ מִיךְ נִיט אָפְּגֶענֵייגְט פוּן דֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע:

158 אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא אוּמְגֶעטְרֵייעֶ אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעגְרֶעמְט, װַייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהִיט דֵיין װָארְט:

159 זֶעה, װִיא אִיךְ הָאבּ גֶעלִיבְּט דֵיינֶע בֶּעפֶעהְלֶע, אוֹי גָאט! נָאךְ דֵיין חֶסֶד דֶערְקְוִויק מִיךְ:

160 דֵיין װָארְט אִיז אֶמֶת פוּן אַנְפַאנְג אָן, אוּנְד פוּן אֵייבִּיג אָן זֶענֶען דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים גֶערֶעכְט:

ש

161 דִיא פִירְשְׁטֶען הָאבֶּען מִיךְ אוּמְזוּסְט נָאכְגֶעיָאגְט, אָבֶּער מֵיין הַארְץ פָארְכְט זִיךְ פַאר דֵיין װָארְט:

162 אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעפְרֵייט אִיבֶּער דֵיין װָארְט, אַזוֹי װִיא אֵיינֶער װָאס גֶעפִינְט פִיל זַאקְרוּיב

163 אִיךְ הָאבּ פֵיינְד אוּנְד טְהוּא פֶערְראוּמְווירְדִיגֶען לִיגֶען, אָבֶּער דֵיינֶע תּוֹרָה הָאבּ אִיךְ לִיבּ:

164 זִיבֶּען מָאל אִין טָאג טְהוּא אִיךְ דִיךְ לוֹיבֶּען, וֶועגֶען דֵיינֶע גֶערֶעכְטֶע מִשְׁפָּטִים:

165 פִּיל שָׁלוֹם הָאבֶּען דִיא וָואס לִיבֶּען דֵיינֶע תּוֹרָה, אוּנְד עֶס וֶועט זֵייא גָארְנִיט שְׁטְרוֹיכְלֶען:

166 אִיךְ הָאבּ גֶעהָאפְט צוּ דֵיינֶע הִילְף, אוֹי גָאט! אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶע־טְהוּן דֵיינֶע מִצְוֹת:

167 מֵיינֶע זֶעלֶע הָאט גֶעהִיט דֵיינֶע צֵיינְגְנִיסֶע, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא זֶעהְר גֶעלִיבְּט:

168 אִיךְ הָאבּ גֶעהִיט דֵיינֶע בֶּעפֶעהְל אוּנְד דֵיינֶע צֵיינְגְנִיס, וָוארִין אַלֶע מֵיינֶע וֶועגֶען זֶענֶען פַאר דִיר:

ת

169 לָאז מֵיין גֶעשְׁרֵייא (גֶעבֶּעט) גֶע־נֶעהְנֶען פַאר דִיר, אוֹי גָאט! מַאךְ מִיךְ פֶערְשְׁטֵיין נָאךְ דֵיין וָוארְט:

170 לָאז מֵיין גֶעבֶּעט פַאר דִיר קוּמֶען, זֵייא מִיךְ מַצִיל נָאךְ דֵיין וָוארְט:

171 מֵיינֶע לִיפֶּען וֶועלֶען אַרוֹיס רֶעדֶען לוֹיבּ, וָוארִין דוּא וֶועסְט מִיךְ לֶעהְרֶען דֵיינֶע גֶעזֶעץ:

172 מֵיינֶע צוּנְג וֶועט רֶעדֶען דֵיין וָוארְט, וָוארִין אַלֶע דֵיינֶע מִצְוֹת זֶענֶען גֶערֶעכְט:

173 לָאז דֵיינֶע הַאנְד זֵיין מִיר צוּ הֶעלְפֶען, וָוארִין אִיךְ הָאבּ אוֹיסְדֶערְ־וֵויילְט דֵיינֶע בֶּעפֶעהְל:

174 אִיךְ הָאבּ גֶעגְלוּסְט צוּ דֵיינֶע הִילְף, אוֹי גָאט! אוּנְד דֵיינֶע תּוֹרָה אִיז מֵיינֶע לוּסְט:

175 לָאז מֵיין לֵייבּ לֶעבֶּען אוּנְד דִיךְ לוֹיבֶּען אוּנְד דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים זָאלֶען מִיר הֶעלְפֶען:

176 אִיךְ הָאבּ מִיךְ פֶערְאִירְט אַזוֹי וִויא אַ פֶערְלוֹירֶען לֶעמֶעלֶע, זוּךְ דֵיין קְנֶעכְט, וָוארִין אִיךְ פֶערְגֶעס נִיט דֵיינֶע מִצְוֹת:

## תהלים קכ

1 אַ לִיד פוּן דִיא טְרֶעפֶּען–צוּ גָאט הָאבּ אִיךְ גֶערוּפֶען וֶוען עֶס אִיז מִיר עֶנְג גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר הָאט מִיר גֶעעֶנְטְפֶערְט:

2 אָ גָאט! זֵייא מַצִיל מֵיין נֶפֶשׁ פוּן פַאלְשֶׁע לִיפֶּען, אוּנְד פוּן אַ פַאלְשֶׁע צוּנְג:

3 וָואס זָאל מֶען דִיר גֶעבֶּען? אוּנְד וָואס זָאל מֶען דִיר נָאךְ מֶעהְר טְהוּן, דוּא פַאלְשֶׁע צוּנְג?

4 גֶעשַׁארְפְטֶע פֵיילֶען פוּן אַ גִבּוֹר, מִיט גְלִיהֶענְדֶע קוֹילֶען:

5 אוֹי וֵוייא אִיז מִיר, דָאס אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען אִין מֶשֶׁךְ, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעווֹאוֹינְט אִין דִיא גֶעצֶעלְטֶען פוּן קֵדָר:

6 מֵיינֶע זֶעלֶע הָאט שׁוֹין לַאנְג גֶעווֹאוֹינְט מִיט דִיא וָואס הָאבֶּען פֵיינְד שָׁלוֹם:

7 אִיךְ בִּין פַאר שָׁלוֹם, אָבֶּער וֶוען אִיךְ רֶעד, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא צוּ אַ מִלְחָמָה:

## תהלים קכא

1 אַ לִיד פוּן דִיא טְרֶעפֶּען–זָאל אִיךְ אוֹיפְהֵייבֶּען מֵיינֶע אוֹיגֶען צוּ דִיא בֶּערְג? פוּן וָואוּ קוּמְט מֵיינֶע הִילְף?

2 מֵיינֶע הִילְף קוּמְט פוּן גָאט, וָואס הָאט גֶעמַאכְט דֶעם הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד:

3 עֶר וֶועט נִיט צוּגֶעבֶּען אַז מֵיין

פוּס זָאל אויסְגֶעגְלִיטְשְׁט וֶוערֶען, דֶער
וָואס הִיט דִיךְ וֶועט נִיט דְרִימֶעלֶען:
4 זֶעה, דֶער וָואס הִיט יִשְׂרָאֵל וֶועט
נִיט דְרִימֶעלֶען אוּנְד נִיט שְׁלָאפֶען:
5 גָאט אִיז דַיין הִיטֶער, גָאט אִיז
דַיין שָׁאטֶען אוֹיף דַיינֶע רֶעכְטֶע
הַאנְד:
6 דִיא זוּן וֶועט דִיךְ נִיט שְׁלָאגֶען
בַּייא טָאג אוּנְד דִיא לְבָנָה אוֹיךְ נִיט
בַּייא נַאכְט:
7 גָאט וֶועט דִיךְ בֶּעהִיטֶען פוּן אַלֶעם
בֵּייזֶען, עֶר וֶועט הִיטֶען דַיין נֶפֶשׁ:
8 גָאט וֶועט הִיטֶען דַיין אַרויסְגֵייען
אוּנְד דַיין אַרֵיינְקוּמֶען, פוּן אַצוּנְד בִּיז
אִין אֵייבִּיגְקֵייט:

### תהלים קכב

1 אַ לִיד פוּן דִיא טְרֶעפֶּען פוּן דָוִד—
אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעפְרֵייט וֶוען מֶען הָאט
צוּ מִיר גֶעזָאגְט, לָאמֶער גֵיין צוּ דֶעם
הויז פוּן גָאט:
2 אוּנְזֶערֶע פִּיס וֶועלֶען שְׁטֵיין אִין
דַיינֶע טוֹיעֶרֶן, אָ יְרוּשָׁלַיִם:
3 יְרוּשָׁלַיִם אִיז אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט, אַזוֹי
וִויא אַ שְׁטָאט וָואס אִיז אִין זִיךְ צוּ־
זַאמֶען בֶּעהֶעפְט:
4 וָוארִין דָארְטֶען גֵייעֶן אַרויף דִיא
שְׁבָטִים, דִיא שִׁבְטֵי פוּן גָאט פַאר
אַיין עֵדוּת צוּ יִשְׂרָאֵל, כְּדֵי צוּ לוֹיבֶּען
דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט:
5 וָוארִין דָארְטֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא
טְרוֹין־שְׁטוּלֶען פוּן מִשְׁפָּט, דִיא טְרוֹין־
שְׁטוּלֶען פוּן דֶעם הויזְגֶעזִינְד פוּן דָוִד:
6 פְרֶעגְט, (אָדֶער) בֶּעטֶעט פַאר דֶעם
שָׁלוֹם פוּן יְרוּשָׁלַיִם, דַיינֶע לִיבְּהָאבֶּערְם
וֶועלֶען זַיין בְּשַׁלְוָה:
7 עֶס זָאל זַיין שָׁלוֹם אִין דַיינֶע
טוֹיעֶרֶן, אוּנְד שַׁלְוָה אִין דַיינֶע
פַּאלַאסְטֶען:
8 פוּן וֶועגֶען מֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד
מֵיינֶע חֲבֵרִים, וֶועל אִיךְ נוּן רֶעדֶען,
שָׁלוֹם זָאל זַיין אִין דִיר:
9 פוּן וֶועגֶען דֶעם הויז פוּן יְהוָֹה
אוּנְזֶער גָאט, וֶועל אִיךְ זוּכֶען דַיין
גוּטֶעס:

### תהלים קכג

1 אַ לִיד פוּן דִיא טְרֶעפֶּען—צוּ דִיר
הֵייבּ אִיךְ אוֹיף מֵיינֶע אוֹיגֶען, דֶער
וָואס דוּא וָואוֹינְסְט אִין דֶעם הִימֶעל:
2 זֶעה, אַזוֹי וִויא דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא
קְנֶעכְט זֶענֶען צוּ דִיא הַאנְד פוּן זֵייעֶרֶע
הַארֶען, אוּנְד אַזוֹי וִויא דִיא אוֹיגֶען פוּן אַ
דִינְסְט־מוֹיד צוּ דִיא הַאנְד פוּן אִיהְר
הַארִינְטֶע, אַזוֹי זֶענֶען אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען
צוּ יְהוָֹה אוּנְזֶער גָאט, בִּיז עֶר וֶועט
אוּנְס לֵייטְזֶעלִיגֶען:
3 לֵייטְזֶעלִיג אוּנְס אָ גָאט, לֵייטְזֶעלִיג
אוּנְס, וָוארִין מִיר זֶענֶען שוֹין גֶענוּג
זַאט פוּן שַׁאנְד:
4 אוּנְזֶער נֶפֶשׁ אִיז שוֹין גֶענוּג זַאט
מִיט שְׁפָּאט פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען
נִיט קֵיין זָארְג, אוּנְד פוּן דִיא פֶערְ־
אַכְטוּנְג פוּן דִיא שְׁטָאלְצֶע:

### תהלים קכד

1 אַ לִיד פוּן דִיא טְרֶעפֶּען פוּן דָוִד—
וֶוען עֶס וָואלְט נִיט גֶעוֶועזֶען גָאט וָואס
אִיז פַאר אוּנְס גֶעוֶועזֶען, דָאס מֶעג
יִשְׂרָאֵל זָאגֶען:
2 וֶוען עֶס וָואלְט נִיט גֶעוֶועזֶען גָאט
וָואס אִיז פַאר אוּנְס גֶעוֶועזֶען, וֶוען
מֶענְשֶׁען זֶענֶען קֶעגֶען אוּנְס אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען:
3 דֶענְסְטְמָאל וָואלְטֶען זֵייא אוּנְס
לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייט אֵיינְגֶעשְׁלוּנְגֶען, וֶוען
זֵייעֶר צָארְן הָאט אִיבֶּער אוּנְס גֶעגְרִימְט:

4 דֶענְסְטְמָאל וָואלְטֶען אוּנְס דִיא
וַואסֶערְן פֶערפְלֵייצְט, אוּנְד דִיא טֵייכֶען
וָואלְטֶען אִיבֶּער אוּנְזֶער נֶפֶשׁ אַרִיבֶּערְ־
גֶעגַאנְגֶען :
5 דֶענְסְטְמָאל וָואלְטֶען דִיא שְׁטָאלְצֶע
וַואסֶערְן אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער אוּנְזֶער
נֶפֶשׁ :
6 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז גָאט וָואס עֶר הָאט
אוּנְס נִיט אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט פַאר אַ
פֶערְצוּקוּנְג צוּ זֵייעֶרֶע צֵיין :
7 אוּנְזֶער נֶפֶשׁ אִיז עֶנְטְרוּנֶען אַזוֹי
וִויא אַ פוֹיגֶעל פוּן דֶעם שְׁטְרוּיכֶעל־
נֶעץ, דָאס שְׁטְרוּיכֶעל־נֶעץ אִיז צוּבְּרָאכֶען
אוּנְד מִיר זֶענֶען עֶנְטְרוּנֶען גֶעוָוארֶען :
8 אוּנְזֶערֶע הִילְף אִיז אִין דֶעם נָאמֶען
פוּן גָאט, וָואס הָאט גֶעמַאכְט דֶעם
הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד :

## תהלים קכה

1 אַ לִיד פוּן דִיא טְרֶעפֶּען—דִיא וָואס
פֶערְזִיכֶערְן זִיךְ אִין גָאט, זֶענֶען אַזוֹי
וִויא דֶער בַּארְג צִיוֹן וָואס קֶען נִיט
אַוֶועקְגֶערִיקְט וֶוערֶען, נֵייעֶרְט עֶר בְּלֵיבְּט
אוֹיף אֵייבִּיג :
2 אַזוֹי וִויא דִיא בֶּערְג זֶענֶען אַרוּם
יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי אִיז גָאט אַרוּם זַיין
פָאלְק, פוּן אַצוּנְד אָן בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג :
3 וָוארִין דִיא רוּט פוּן דֶעם רָשָׁע זָאל
נִיט רוּהֶען אוֹיף דֶעם גוֹרָל פוּן דִיא
צַדִיקִים, כְּדֵי דִיא צַדִיקִים זָאלֶען נִיט
אוֹיסשְׁטְרֶעקֶען זֵייעֶרֶע הֶענְד צוּ אוּמְ־
גֶערֶעכְטִיגְקַייט :
4 טְהוּא גוּטֶעס אַיי גָאט, צוּ דִיא
וָואס זֶענֶען גוּט, אוּנְד צוּ זָאלְכֶע וָואס
זֶענֶען אוֹיפְרִיכְטִיג אִין זֵייעֶר הַארְץ :
5 אָבֶּער דִיא וָואס קֶעהְרֶען אָפּ צוּ
זֵייעֶרֶע פֶערְקְרִימְטֶע וֶועגֶען, דִיא זָאל
גָאט אַוֶועקְפִיהְרֶען מִיט דִיא וָואס טְהוּן
אוּמְרֶעכְט, אָבֶּער שָׁלוֹם זָאל זַיין אוֹיף
יִשְׂרָאֵל :

## תהלים קכו

1 אַ לִיד פוּן דִיא טְרֶעפֶּען—וֶוען גָאט
הָאט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע־
שַׁאפְט פוּן צִיוֹן, אַזוֹי זֶענֶען מִיר גֶעוֶ־
וֶעזֶען אַזוֹי וִויא דִיא וָואס חָלוֹמְ'ן :
2 דֶענְסְטְמָאל אִיז אוּנְזֶער מוֹיל גֶעוֶ־
וֶעזֶען פוֹל מִיט גֶעלֶעכְטֶער, אוּנְד
אוּנְזֶערֶע צוּנְג מִיט גֶעזַאנְג, דֶענְסְטְמָאל
הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם,
גָאט הָאט גֶעטְהוּן גְרוֹיסֶע זַאכֶען מִיט
דִיא דָאזִיגֶע :
3 יוֹא גָאט הָאט גֶעטְהוּן גְרוֹיסֶע
זַאכֶען מִיט אוּנְס, מִיר זֶענֶען פְרֵיילִיךְ
גֶעוָוארֶען :
4 אַיי גָאט! קֶעהְר אוּם אוּנְזֶערֶע
גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט, אַזוֹי וִויא דִיא טֵייכֶען
פוּן דָרוֹם־זַייט :
5 דִיא וָואס זַייעֶן מִיט טְרֶערֶען, וֶועלֶען
שְׁנֵיידֶען (אֵיינְזַאמֶעלְן) מִיט גֶעזַאנְג :
6 דֶער וָואס גֵייט אַהִין אוּנְד וֵויינְט,
אוּנְד טְרָאגְט קֶעסְטְלִיכֶען זָאמֶען, דֶער
וֶועט מִיט זִיכֶערְהֵייט צוּרִיקְקוּמֶען מִיט
גֶעזַאנְג, אוּנְד עֶר וֶועט טְרָאגֶען דִיא
אָפְּגֶעשְׁנִיטֶענֶע בִּינְטְלֶעךְ תְּבוּאָה :

## תהלים קכז

1 אַ לִיד פוּן דִיא טְרֶעפֶּען פוּן
שְׁלֹמֹה—וֶוען גָאט וָואלְט נִיט דָאס הוֹיז
אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט, אַזוֹי וָואלְטֶען זִיךְ דִיא
וָואס הָאבֶּען עֶס גֶעבּוֹיעֶט אוּמְזוּסְט
בֶּעמִיהְט ; וֶוען גָאט וָואלְט נִיט גֶעהִי־
טֶען דִיא שְׁטָאט, אַזוֹי וָואלְט דֶער
שׁוֹמֵר אוּמְזוּסְט גֶעוַואכְט :
2 עֶס אִיז אוּמְזוּסְט פַאר אַייךְ דָאס
אִיהְר שְׁטֵייט פְרִיה אוֹיף, אוּנְד זִיצְט
אוֹיף שְׁפֶּעט, כְּדֵי צוּ עֶסֶען דָאס בְּרוֹיט

פוּן טְרוֹיעֶרִיגְקֵייט, אַזוֹי גֶעבּט עֶר צוּ זַיין גֶעלִיבְּטֶען שְׁלָאף׃

3 זֶעה, קִינְדֶער, זֶענֶען דִיא נַחֲלָה פוּן גָאט, דֶער שָׂכָר פוּן דֶער פְּרוּכְט פוּן דֶעם לֵייב׃

4 אַזוֹי וִויא פֵיילֶען זֶענֶען אִין דֶער הַאנְד פוּן דֶעם גִבּוֹר, אַזוֹי זֶענֶען קִינְדֶער פוּן דֶער יוּגֶענְד׃

5 ווֹאוויל אִיז דֶעם מֶענְשׁ וָואס הָאט דֶערפִילְט זַיין פוּטֶער־פַאס פוּן זֵייא, זֵייא וֶועלֶען נִיט פֶערְשֶׁעהמְט וֶוערֶען, ווָארִין זֵייא רֶעדֶען מִיט דִיא פֵיינְד אִין דֶעם טוֹיעֶר׃

תהלים קכח

1 אַ לִיד פוּן דִיא טְרֶעפֶּען—ווֹאוויל אִיז אִיטְלִיכֶען וָואס הָאט מוֹרָא פַאר גָאט, וָואס גֵייט אִין זַיינֶע וֶועגֶען׃

2 ווָארִין דוּא וֶועסְט עֶסֶען פוּן דִיא אַרְבֵּייט פוּן דַיינֶע הֶענְד, ווֹאוויל אִיז דִיר אוּנְד עֶס וֶועט דִיר אוֹיךְ גוּט זַיין׃

3 דַיין ווַייבּ וֶועט זַיין וִויא אַ פְּרוּכְט־בַּארֶער וֵויינְשְׁטָאק אַן דִיא זֵייטֶען פוּן דַיין הוֹיז, דַיינֶע קִינְדֶער וֶועלֶען זַיין אַזוֹי וִויא דִיא צְווַיינֶען פוּן אֵיילְבֶּערְט־בֵּיימֶער רִינְגְס אַרוּם פוּן דַיין טִישׁ׃

4 זֶעה, אַזוֹי וֶועט דֶער מַאן גֶעבֶּענְשְׁט זַיין וָואס הָאט מוֹרָא פַאר גָאט׃

5 גָאט זָאל דִיךְ בֶּענְשֶׁען אוֹיס צִיוֹן, אוּנְד דוּא וֶועסְט זֶעהֶען דָאס גוּטֶע פוּן יְרוּשָׁלַיִם אַלֶע דַיינֶע לֶעבֶּענְסטֶעג׃

6 אוּנְד דוּא וֶועסְט אוֹיךְ זֶעהֶען דַיינֶע קִינְדֶערְס קִינְדֶער,—שָׁלוֹם זָאל זַיין אוֹיף יִשְׂרָאֵל׃

תהלים קכט

1 אַ לִיד פוּן דִיא טְרֶעפֶּען—פִילֶע מָאל הָאבֶּען זֵייא מִיךְ בֶּעדְרֶענְגְט פוּן מַיינֶע יוּגֶענְד אָן, מֶעג דָאךְ יִשְׂרָאֵל זָאגֶען׃

2 פִילֶע מָאל הָאבֶּען זֵייא מִיךְ בֶּעדְרֶענְגְט פוּן מַיינֶע יוּגֶענְד אָן, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען מִיךְ דָאךְ נִיט גֶעקֶענְט בֵּייקוּמֶען׃

3 אִיבֶּער מַיין רִיקֶען הָאבֶּען דִיא אַקֶערְסלֵייט גֶעאַקֶערְט, זֵייא הָאבֶּען דֶערלֶענְגֶערְט זֵייעֶרֶע בֵּייטֶען׃

4 גָאט אִיז גֶערֶעכְט, עֶר הָאט צוּ־שְׁנִיטֶען דִיא שְׁטְרִיק פוּן דִיא רְשָׁעִים׃

5 זֵייא זָאלֶען פֶערְשֶׁעהמְט וֶוערֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען מוּזֶען אַהִינְטֶער זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען, אַלֶע וָואס הַאסֶען צִיוֹן׃

6 זֵייא זָאלֶען זַיין אַזוֹי וִויא דָאס גְרָאז אוֹיף דִיא דֶעכֶער וָואס פֶערְדַארְט אֵיידֶער מֶען רֵייסְט עֶס אוֹיס׃

7 אוּנְד דֶער שְׁנִיטֶער קֶען נִיט אַמָאל דֶערְמִיט אָנְפִילֶען זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד דֶער גַארְבֶּען־בִּינְדֶער קֶען נִיט אָנְפִילֶען זַיין אָרֶעם׃

8 אוּנְד דִיא וָואס פָאהְרֶען אִיבֶּער הָאבֶּען נִיט גֶעזָאגְט, לָאז דִיא בְּרָכָה פוּן גָאט אִיבֶּער אֵייךְ זַיין, אָדֶער מִיר וֶועלֶען אֵייךְ בֶּענְשֶׁען אִין דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט׃

תהלים קל

1 אַ לִיד פוּן דִיא טְרֶעפֶּען—אוֹיס דֶער טִיפֶענִיס הָאבּ אִיךְ דִיךְ אָנְגֶערוּפֶען, אוֹי גָאט׃

2 אוֹי גָאט, הֶער מַיין קוֹל לָאזֶען דַיינֶע אוֹירֶען פֶערְנֶעמֶען דָאס קוֹל פוּן מַיין גֶעבֶּעט׃

3 וֶוען דוּא אוֹי גָאט זָאלְסְט דִיא זִינְד בֶּעטְרַאכְטֶען, אוֹי הַאר, וֶוער קֶען בֶּעשְׁטֵיין?

4 אָבֶּער מִיט דִיר אִיז פֶערְהַאנְדֶען פֶערְגֶעבּוּנְג, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט גֶעפָארְכְט וֶוערֶען׃

5 איך האף צו גאט, מיין נפש האט געהאפט, איך האב אויך געהאפט אויף זיין ווארט:

6 מיין נפש קוקט צו דעם האר, מעהר וויא דיא וואס וואכען פאר דעם מארגען, יוא נאך מעהר וויא דיא וואס ווארטען אויף דעם פריהמארגען:

7 אוי ישראל האף צו גאט, ווארין ביי איהם איז פערהאנדען חסד, אונד ביי איהם איז פיל דערלייזונג:

8 אונד ער וועט ישראל דערלייזען פון אלע זיינע זינד:

## תהלים קלא

1 א ליד פון דיא טרעפען פון דוד– א גאט, מיין הארץ איז ניט הויכמיטיג, אונד מיינע אויגען זענען ניט שטאלץ, אונד איך גייא ניט ארום מיט אזאלכע זאכען וואס זענען פאר מיר צו גרויס אונד צו וואונדערליך:

2 איך האב מיך טאקע בענומען אונד אויפגעפיהרט אזוי וויא א קינד וואס זיינע מוטער האט איהם אפגעוויינט, יוא, אזוי וויא איין אפגעוויינט קינד אזוי איז אויף מיר מיינע זעעלע:

3 האף צו גאט, א ישראל, פון אצונד אן אונד ביז אויף אייביג:

## תהלים קלב

1 א ליד פון דיא טרעפען– א גאט, געדענק דאך אן דוד, אונד אן אלע זיינע פייניגונג:

2 וואס ער האט געשוואוירען צו גאט, אונד דעם נדר וואס ער האט געטהון צו דעם שטארקען (גאט) פון יעקב:

3 איך וועל ניט אריינקומען אין דעם געצעלט פון מיין הויז, אונד איך וועל ניט ארויפגיין אויף מיין בעט:

4 אונד איך וועל ניט צוגעבען אז מיינע אויג־אפעלן זאלען שלאפען אדער דרימעלן:

5 ביז איך האב געפונען איין ארט פאר גאט, א משכן פאר דעם שטארקען (גאט) פון יעקב:

6 זעה, מיר האבען דערפון געהערט אין אפרת מיר האבען עס געפונען אין דעם פעלד:

7 מיר וועלען אריינקומען צו זיין משכן, מיר וועלען זיך ביקען צו דעם בענקעל פון זיינע פיס:

8 שטייא אויף א גאט! צו דיינע רוהונג, דוא אונד דער ארון פון דיינע שטארקהייט!

9 דיינע כוהנים זאלען זיין אנגע־קליידעט מיט גערעכטיגקייט, אונד דיינע היילינע (חסידים) זאלען זינגען פאר פרייד:

10 פון וועגען דיין קנעכט דוד, טהוא ניט אוועקקעהרען דאס פנים פון דיין געזאלבטען (משיח):

11 גאט האט געשוואוירען צו דוד מיט אמת, ער וועט זיך ניט דערפון צוריקקעהרען, פון דער פרוכט פון דיין לייב וועל איך זעצען אויף דיין טרוין־שטוהל!

12 ווען דיינע קינדער וועלען היטען מיין ברית אונד מיינע צייגניסע וואס איך וועל זייא לערנען, אזוי וועל איך אויך זייערע קינדער לאזען זיצען אויף דיין טרוין־שטוהל אויף אייביג:

13 ווארין גאט האט אויסדערוויילט ציון, ער האט געגלוסט אז עס זאל זיין זיינע וואונונג:

14 דאס איז מיינע רוהונג אויף

אייביג

אײבּיג ; דאָ װעל איך װױנען, װאָרין
איך האָב עס געגלוסט :
15 איך װעל אִים גאַנצען בּענשׁען
איהרע שׁפּײז (צוּבּרײטוּנג), איהרע
אָרעמע לײט װעל איך זאַט מאַכען
מיט בּרױט :
16 אוּנד איהרע כּוהנים װעל איך
אָנקלײדען מיט הילף, אוּנד איהרע
חסידים װעלען זינגען פאַר פרײד :
17 דאָרט װעל איך מאַכען אַז דאָס
האָרן פוּן דוד זאָל שׁפּראָצען, איך
האָב אָנגעבּרײט אַ לאָמפּ פאַר מײן
געזאַלבּטען (משיח) :
18 זײנע פײנד װעל איך אָנקלײדען
מיט שׁאַנד, אוּנד אױף איהם װעט
זײנע קרױן פוּנקעלן :

תהלים קלג

1 אַ ליד פוּן דיא טרעפּען—פוּן דוד—
זעה, װיא גוּט אוּנד װיא זיס עס איז
פאַר בּרידער צוּ װױנען צוזאַמען
מיט אַחדוּת !
2 דאָס איז אַזױ װיא דער בּעסטער
בּוימאײל אױף דעם קאָפּ פוּן אַהרון
(הכּוהן), װאָס האָט אַרוּפּגערינען אױף
דעם באָרט, יוא אַהרון'ס בּאָרט, װאָס
האָט אַרוּפּגערינען בּיז צוּ דעם עק פוּן
זײנע קלײדער :
3 אַזױ װיא דער טױא פוּן חרמון,
װאָס איז אַרוּפּגערינען אױף דיא בּערג
פוּן ציון, װאָרין דאָרט האָט גאָט גע־
בּאָטען דיא בּרכה פוּן אײביגעס
לעבּען :

תהלים קלד

1 אַ ליד פוּן דיא טרעפּען—זעהט !
בּענשׁט גאָט, אַלע איהר קנעכט פוּן
גאָט ! איהר װאָס שׁטײט אין דעם הױז
פוּן גאָט בּײא נאַכט :
2 הײבּט אױף אײערע הענד אין דעם
בּית המקדש, אוּנד בּענשׁט גאָט :
3 גאָט זאָל דיך בּענשׁען אױס ציון,
דער װאָס האָט געמאַכט הימעל אוּנד
ערד :

תהלים קלה

1 הללויה ! לױבּט דעם נאָמען פוּן
גאָט, לױבּט איהם, אױ איהר קנעכט
פוּן גאָט :
2 איהר װאָס שׁטײט אין דעם הױז
פוּן גאָט, אין דיא הײף פוּן דעם בּית
המקדש פוּן אוּנזער גאָט :
3 הללויה ! לױבּט גאָט, װאָרין גאָט
איז גוּט, זינגט צוּ זײן נאָמען װאָרין
עס איז גוּט :
4 װאָרין גאָט האָט אױסדערװײלט
יעקוב, ישׂראל אַלס זײן אײגענטהוּם :
5 װאָרין איך װײס אַז גאָט איז
גרױס, אוּנד אוּנזער האַר גאָט, איז
גרעסער פוּן אַלע געטער :
6 אַלעס װאָס גאָט װיל דאָס טהוּט
ער, אין דעם הימעל אוּנד אױף דער
ערד, אין דיא ימים אוּנד אין אַלע
טיפענים :
7 ער בּרענגט אַרױף דיא װאָלקענס
פוּן דעם עק פוּן דער ערד, בּליצען
מאַכט ער צוּם רעגען, ער בּרענגט
אַרױף דעם װינד פוּן זײנע אוֹצרות :
8 דער װאָס האָט געשׁלאָגען דיא
בּכורים פוּן מצרים, פוּן מענשׁען בּיז
צוּ דיא בּהמות :
9 ער האָט אַרױסגעשיקט זײנע צײכען
אוּנד װוּנדער אין דער מיטען פוּן
דיר, אָ מצרים ! אױף פּרעה'ן אוּנד
אױף אַלע זײנע קנעכט :
10 װאָס האָט געשׁלאָגען פילע פעלקער
אוּנד האָט געהרג'ט שׁטאַרקע מלכים :

11 דֶעם סִיחוֹן מֶלֶךְ פוּן אֱמוֹרִי, אוּנְד
דֶעם עוֹג מֶלֶךְ פוּן בָּשָׁן, אוּנְד אַלֶע
קֶענִיגְרֵייכֶען פוּן כְּנַעַן:
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען זַייעֶר
לַאנְד פַאר אַ נַחֲלָה, יוֹא, אַפִּילוּ אַ
נַחֲלָה צוּ זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל:
13 יְהוָֹה אִיז דֵיין נָאמֶע אוֹיף אֵייבִּיג,
יְהוָֹה אִיז דֵיין גֶעדֶערְכְטֶענִיס פוּן דוֹר
צוּ דוֹר:
14 וָוארִין גָאט וֶועט מִשְׁפָּטְ'ן זַיין
פָאלְק, אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ בֶּעדֶענְקֶען
וֶועגֶען זַיינֶע קְנֶעכְט:
15 דִיא גֶעצֶען פוּן דִיא גוֹיִם זָענֶען
זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד, דִיא מַעֲשִׂים פוּן
מֶענְשֶׁענְ'ס הֶענְד?
16 זַייא הָאבֶּען אַ מוֹיל אָבֶּער זַייא
קֶענֶען נִיט רֶעדֶען, זַייא הָאבֶּען אוֹיגֶען
אָבֶּער זַייא קֶענֶען נִיט זֶעהֶען:
17 זַייא הָאבֶּען אוֹירֶען אָבֶּער זַייא
קֶענֶען נִיט הֶערֶען, זַייא הָאבֶּען אַ נָאז
אָבֶּער עֶס אִיז קֵיין רוּחַ (אָטֶעם) אִין
זַייעֶר מוֹיל:
18 דִיא וָואס הָאבֶּען זַייא גֶעמַאכְט
זָענֶען אוֹיךְ אַזוֹי וִויא זַייא, אַזוֹי זָענֶען
אוֹיךְ אַלֶע וָואס פֶערְזִיכֶערְן זִיךְ אוֹיף
זַייא:
19 אָ הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, לוֹיבְּט
גָאט! אָ הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אַהֲרוֹן, לוֹיבְּט
גָאט!
20 אָ הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן לֵוִי, לוֹיבְּט גָאט,
אָ אִיהְר גָאטְ'ס פָארְכְטִיגֶע, לוֹיבְּט
גָאט:
21 גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאט אוֹיס צִיוֹן, וָואס
וְואוֹינְט אִין יְרוּשָׁלַיִם, הַלְלוּיָה:

תהלים קלו

1 דַאנְקְט צוּ גָאט, וָוארִין עֶר אִיז
גוּט, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף
אֵייבִּיג:
2 דַאנְקְט צוּ דֶעם גָאט אִיבֶּער אַלֶע
גֶעטֶער, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט
אוֹיף אֵייבִּיג:
3 דַאנְקְט דֶעם הַאר אִיבֶּער אַלֶע
הַארֶען וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף
אֵייבִּיג:
4 דֶער וָואס טְהוּט אַלֵיין גְרוֹיסֶע
וְואוּנְדֶער, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט
אוֹיף אֵייבִּיג:
5 דֶער וָואס הָאט גֶעמַאכְט דֶעם
הִימֶעל דוּרְךְ זַיין פֶערְשְׁטַאנְד, וָוארִין
זַיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף אֵייבִּיג:
6 דֶער וָואס הָאט אוֹיסְגֶעבְּרֵייט דִיא
עֶרְד אִיבֶּער דֶעם וַואסֶער, וָוארִין זַיין
חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף אֵייבִּיג:
7 דֶער וָואס הָאט גֶעמַאכְט גְרוֹיסֶע
לִיכְט, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף
אֵייבִּיג:
8 דִיא זוּן צוּ גֶעוֶועלְטִיגֶען בֵּייא טָאג,
וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף
אֵייבִּיג:
9 דִיא לְבָנָה אוּנְד דִיא שְׁטֶערְן צוּ
גֶעוֶועלְטִיגֶען בֵּייא נַאכְט, וָוארִין זַיין
חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף אֵייבִּיג:
10 דֶער וָואס הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דִיא
בְּכוֹרִים פוּן מִצְרַיִם, וָוארִין זַיין חֶסֶד
גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף אֵייבִּיג:
11 אוּנְד וָואס הָאט יִשְׂרָאֵל אַרוֹיסְ־
גֶעבְּרֶענְגְט פוּן צְוִוישֶׁען זַייא, וָוארִין
זַיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף אֵייבִּיג:
12 מִיט אַ שְׁטַארְקֶע הַאנְד אוּנְד מִיט
אַיין אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶען אָרֶעם, וָוארִין
זַיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף אֵייבִּיג:
13 וָואס הָאט אִין שְׁטִיקֶער צוּשְׁנִיטֶען
דָאס יַם סוּף, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶע־
דוֹיעֶרְט אוֹיף אֵייבִּיג:

14 אוּנְד וָואס הָאט יִשְׂרָאֵל אִין דֶער מִיטֶען דוּרְכְגֶעפִּיהְרְט, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדויעֶרְט אויף אֵייבִּיג :

15 אוּנְד עֶר הָאט אוּמְגֶעשְׁטִירְצְט פַּרְעוֹה אוּנְד זַיין חַיִל, אִין דֶעם יַם סוּף, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדויעֶרְט אויף אֵייבִּיג :

16 כְּדֵי עֶר זָאל זַיין פָּאלְק פִיהְרֶען אִין דֶער מִדְבָּר, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶע־דויעֶרְט אויף אֵייבִּיג :

17 דֶער וָואס הָאט גֶעשְׁלָאגֶען גְרויסֶע מְלָכִים, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדויעֶרְט אויף אֵייבִּיג :

18 אוּנְד עֶר הָאט דֶערשְׁלָאגֶען שְׁטַארְקֶע מְלָכִים, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדויעֶרְט אויף אֵייבִּיג :

19 דֶעם סִיחוֹן מֶלֶךְ פוּן אֱמוֹרִי, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדויעֶרְט אויף אֵייבִּיג :

20 אוּנְד עוֹג מֶלֶךְ פוּן בָּשָׁן, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדויעֶרְט אויף אֵייבִּיג :

21 אוּנְד עֶר הָאט זֵייעֶר לַאנְד גֶע־גֶעבֶּען פַאר אַ נַחֲלָה, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדויעֶרְט אויף אֵייבִּיג :

22 אַפִילוּ פַאר אַ נַחֲלָה צוּ יִשְׂרָאֵל זַיין קְנֶעכְט, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדויעֶרְט אויף אֵייבִּיג :

23 דֶער וָואס הָאט אָן אוּנְס גֶעדֶענְקְט אִין אוּנְזֶערֶע נִידְרִיגְקֵייט, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדויעֶרְט אויף אֵייבִּיג :

24 אוּנְד וָואס הָאט אוּנְס בֶּעפְרֵייט פוּן אוּנְזֶערֶע פֵיינְד, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדויעֶרְט אויף אֵייבִּיג :

25 דֶער וָואס גִיבְּט בְּרוֹיט צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדויעֶרְט אויף אֵייבִּיג :

26 אוֹי, דַאנְקְט צוּ דֶעם גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדויעֶרְט אויף אֵייבִּיג :

## תהלים קלז

1 בֵּייא דִיא טֵייכֶען פוּן בָּבֶל זָענֶען מִיר דָארְט גֶעזֶעסֶען, אוּנְד מִיר הָאבֶּען אויךְ גֶעוֵויינְט וָוען מִיר הָאבֶּען גֶע־דֶענְקְט אַן צִיוֹן :

2 אויף דִיא וָוערְבִּים (עֲרָבִים) וָואס זֶענֶען אִין זַיירֶע מִיטֶען, הָאבֶּען מִיר אויפְגֶעהָאנְגֶען אוּנְזֶערֶע הַארְפֶּען :

3 וָוארִין דָארְטֶען הָאבֶּען דִיא וָואס הָאבֶּען אוּנְס אִין גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט גֶע־פִיהְרְט פוּן אוּנְס פֶערְלַאנְגְט דִיא וָוערְטֶער פוּן אַ לִיד, אוּנְד אוּנְזֶערֶע שְׁפֶּעטֶער הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט אַז מִיר זָאלֶען זַייא פְרֵייד מַאכֶען, זִינְגְט צוּ אוּנְס דִיא לִידֶער פוּן צִיוֹן :

4 וִויא קֶענֶען מִיר זִינְגֶען דִיא לִידֶער פוּן יְהֹוָה אִין אַ פְרֶעמְד לַאנְד ?

5 וֶוען אִיךְ וָועל דִיךְ פֶערְגֶעסֶען, אוֹי יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי זָאל אִיךְ אויךְ מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד פֶערְגֶעסֶען וָוערֶען :

6 לָאז זִיךְ מֵיינֶע צוּנְג בֶּעהֶעפְטֶען אַן מֵיין גוּיְמֶען וָוען אִיךְ וָועל דִיךְ נִיט גֶעדֶענְקֶען, אָדֶער וֶוען יְרוּשָׁלַיִם וָועט נִיט אַרויפְגֵיין אִין מֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען אִיבֶּער מֵיינֶע הוֹיפְּט פְרֵייד ?

7 אוֹי גָאט ! גֶעדֶענְק דָאךְ צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן אֱדוֹם, דֶעם טָאג פוּן יְרוּשָׁלַיִם, דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט פֶערְוִויסְט ! פֶערְוִויסְט ! זָאל עֶס זַיין בִּיז צוּ דֶעם גְרוּנְד :

8 אוֹי, דוּא טָאכְטֶער פוּן בָּבֶל, דוּא רוֹיבֶּערִין ; וָואוֹיל אִיז דֶעם וָואס וֶועט דִיר בֶּעצָאלֶען, אוּנְד דִיר פֶערְגֶעלְטֶען אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט אוּנְס פֶערְ־גָאלְטֶען :

9 וָואוֹיל אִיז דֶעם וָואס וֶועט

אַנְגֶעמֶען, אוּנְד װֶעט צוּהאַקֶען דֵיינֶע
יוּנְגֶע קִינְדֶער אויף דֶעם פֶעלְזֶענ־
שְׁטֵיין:

תהלים קלח

1 פוּן דָוִד—אִיךְ װֶעל דִיךְ לוֹיבֶּען מִיט
מֵיין גַאנְצֶען הַארְץ, אֶנְטקֶעגֶען דִיא
גֶעטֶער װֶעל אִיךְ דִיךְ לוֹיבֶּען:
2 אִיךְ װֶעל מִיךְ בִּיקֶען צוּ דֵיין
הֵיילִיגֶען טֶעמְפֶּעל, אוּנְד אִיךְ װֶעל
לוֹיבֶּען דֵיין נָאמֶען װֶעגֶען דֵיין חֶסֶד,
אוּנְד װֶעגֶען דֵיין אֱמֶת, װָארִין דוּא
הָאסְט דֵיין נָאמֶען גְרֶעסֶער גֶעמַאכְט
אִיבֶּער אַלֶע דֵיינֶע צוּזָאג:
3 אִין דֶעם טָאג װֶען אִיךְ הָאבּ דִיךְ
אָנְגֶערוּפֶען, אַזוֹי הָאסְט דוּא מִיר גֶע־
עֶנְטְפֶערְט, דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט
מִיט שְׁטַארְקְהֵייט אִין מֵיינֶע זֶעעֶלֶע:
4 אַלֶע מְלָכִים פוּן דֶער װֶעלְט װֶעלֶען
דִיךְ לוֹיבֶּען, אוֹי גָאט, װֶען זֵייא װֶעלֶען
הֶערֶען דִיא רֵייד פוּן דֵיין מוֹיל:
5 אוּנְד זֵייא װֶעלֶען אויף זִינְגֶען אִין
דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט, װָארִין גְרוֹיס
אִיז דֶער כָּבוֹד פוּן גָאט:
6 חָאטְשֶׁע גָאט אִיז דֶערְהֵייכְט, דָאךְ
זֶעהְט עֶר אָן דֶעם נִידְרִיגֶען, אָבֶּער
דֶעם שְׁטָאלְצֶען קֶען עֶר פוּן װֵייטֶען:
7 אוּנְד הָאטְשֶׁע אִיךְ גֵייא צְװִישֶׁען
צָרוֹת, דָאךְ װֶעסְט דוּא מִיךְ דֶערְקְוִויי־
קֶען, אָבֶּער אִיבֶּער דֶעם צָארְן פוּן
מֵיינֶע פֵיינְד זָאלְסְט דוּא אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען
דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד
װֶעט מִיר הֶעלְפֶען:
8 גָאט װֶעט פֶערְטִיג מַאכֶען דָאס
װָאס צוּ מִיר אַנְבֶּעלַאנְגְט, אָ גָאט, דֵיין
חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אויף אֵייבִּיג, דוּא
זָאלְסְט נִיט פֶערְלָאזֶען דִיא מַעֲשִׂים
פוּן דֵיינֶע הֶענְד:

תהלים קלט

1 צוּ דֶעם גֶעזַאנְגמֵייסְטֶער—אַ גֶעזַאנְג
פוּן דָוִד, אָ גָאט, דוּא הָאסְט מִיךְ
גֶעפָּארְשְׁט, אוּנְד דוּא קֶענְסְט מִיךְ:
2 דוּא װֵייסְט מֵיין אַנִידֶערְזֶעצֶען אוּנְד
מֵיין אוֹיפְשְׁטֵיין, דוּא פֶערְשְׁטֵייסְט
מֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען נָאךְ פוּן װֵייטֶען:
3 מֵיין װֶעג אוּנְד מֵיינֶע רוּהוּנְג
רִינְגֶעלְסְט דוּא אַרוּם, אוּנְד דוּא בִּיזְט
בֶּעקַאנְט מִיט אַלֶע מֵיינֶע װֶעגֶען:
4 װָארִין עֶס אִיז קֵיין װָארְט אויף מֵיינֶע
צוּנְג, זֶעה, אָ גָאט, דוּא װֵייסְט עֶס
שׁוֹין אִים גַאנְצֶען:
5 דוּא הָאסְט מִיךְ בֶּעלַאגֶערְט פוּן
הִינְטֶען אוּנְד פוּן פָארְנְט, אוּנְד דוּא
לֵייגְסְט דֵיינֶע הַאנְד אויף מִיר:
6 אַזָאלְכֶע דֶערְקֶענְטֶענִיס אִיז צוּ
װאוּנְדֶערְלִיךְ פַאר מִיר, עֶס אִיז צוּ
הוֹיךְ, אִיךְ קֶען עֶס נִיט בֶּעגְרֵייפֶען:
7 אַװְאוּ זָאל אִיךְ אַהִינְגֵיין פוּן פַאר
דֵיין רוּחַ, אוּנְד אַװְאוּ זָאל אִיךְ
עֶנְטְלוֹיפֶען פוּן פַאר דֵיין פָּנִים:
8 װֶען אִיךְ גֵייא אַרוֹיף צוּ דֶעם
הִימֶעל, אַזוֹי בִּיזְט דוּא דָארְט, אוּנְד
װֶען אִיךְ בֶּעט מִיר אִין דֶעם שְׁאוֹל, אַזוֹי
בִּיזְט דוּא אוֹיךְ דָארְט:
9 װֶען אִיךְ הֵייבּ אויף דִיא פְלִיגֶעל
(אוּנְד פְלִיהֶע אַזוֹי װִיא) דֶער מָארְגֶענ־
שְׁטֶערְן, אוּנְד רוּהֶע אִין דֶעם עֶק פוּן
יָם:
10 אַזוֹי װֶעט מִיךְ אוֹיךְ דָארְטֶען
דֵיינֶע הַאנְד פִיהְרֶען, אוּנְד דֵיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד װֶעט מִיךְ הַאלְטֶען:
11 אוּנְד װֶען אִיךְ זָאג: אַז פִינְסְטֶערְ־
נִיס װֶעט מִיךְ בֶּעדֶעקֶען—אַזוֹי װֶעט
אוֹיךְ דִיא נַאכְט לִיכְטִיג זֵיין אַרוּם
מִיר:



ווארין

12 װאָרִין דִיא פִינְסְטֶערְנִיס אִיז נִיט
פִינְסְטֶער בֵּייא דִיר, אוּנְד דִיא נַאכְט
לֵייכְט אַזוֹי וִויא דֶער טָאג, אוּנְד דִיא
פִינְסְטֶערְנִיס אִיז אַזוֹי וִויא דָאס לִיכְט:
13 װאָרִין דוּא הָאסְט בֶּעשַׁאפֶען
מֵיינֶע נִירֶען, דוּא הָאסְט מִיךְ בֶּעדֶעקְט
אִין מֵיין מוּטֶער'ס לֵייבּ:
14 אִיךְ װֶעל דִיךְ לוֹיבֶּען װֵייל אִיךְ
בִּין פָארְכְטֶערְלִיךְ אוּנְד װאוּנְדֶערְלִיךְ
גֶעמַאכְט, װאוּנְדֶערְלִיךְ זֶענֶען דֵיינֶע
מַעֲשִׂים, דָאס װֵייס אִיךְ גַאנְץ גוּט:
15 מֵיינֶע בֵּיינֶער זֶענֶען נִיט פוּן דִיר
פֶערְהוֹילֶען גֶעװֶעזֶען, אִיךְ בִּין גֶעמַאכְט
גֶעװָארֶען אִין דֶעם פֶערְבָּארְגֶענֶעם,
אִיךְ בִּין גֶעװֶעבְּט גֶעװָארֶען אִין דֶער
אוּנְטֶערשְׁטֶער עֶרְד:
16 אוּנְד מֵיין אוּנְפֶערְפַארְטִיגְטֶען פָארְם
הָאבֶּען שׁוֹין דֵיינֶע אוֹיגֶען גֶעזֶעהֶען,
אוּנְד אוֹיף דֵיין בּוּךְ זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיי-
בֶּען גֶעװֶעזֶען (מֵיינֶע אֵבָרִים) אַלֶע טֶעג
אִין װֶעלְכֶע זֵייא זֶענֶען בֶּעשַׁאפֶען
גֶעװָארֶען, חָאטְשֶׁע עֶס אִיז נָאךְ קֵיינֶער
פוּן זֵייא גֶעװֶעזֶען:
17 וִויא טֵייעֶר זֶענֶען צוּ מִיר דֵיינֶע
גֶעדַאנְקֶען, אָ גָאט! וִויא שְׁטַארְק אִיז
זֵייעֶרֶע צָאהְל:
18 װֶען אִיךְ װָאלְט זֵייא צֵיילֶען זֶענֶען
זֵייא מֶעהְר וִויא דֶער זַאמְד, װֶען אִיךְ
דֶערְװֶעק מִיךְ אַזוֹי בִּין אִיךְ נָאךְ בֵּייא
דִיר:
19 הַלְוַאי װָאלְסְט דוּא טֵייטֶען דֶעם
רָשָׁע, אוֹי גָאט! אִיהְר בְּלוּט-שׁוּלְדִיגֶע
מֶענְשֶׁען קֶעהְרְט אֵייךְ אַװֶעק פוּן מִיר:
20 װָארִין זֵייא רֶעדֶען שְׁלֶעכְטֶעס
אִיבֶּער דִיר, אוּנְד דֵיינֶע פֵיינְדֶע
שְׁװֶערֶען פַאלְשׁ אִין דֵיין נָאמֶען:
21 טְהוּא אִיךְ נִיט הַאסֶען דִיא װָאס
זֶענֶען דֵיינֶע פֵיינְד, אוֹי גָאט? אוּנְד
בִּין אִיךְ נִיט בֶּעטְרִיבְּט (צָארְנִיג)
אִיבֶּער דִיא װָאס שְׁטֵייעֶן אוֹיף קֶעגֶען
דִיר?
22 אִיךְ הָאבּ זֵייא אִים גַאנְצֶען פֵיינְד,
זֵייא זֶענֶען צוּ מִיר גֶעװָארֶען פֵיינְד:
23 פָארְשׁ מִיךְ, אוֹי גָאט! אוּנְד דֶערְ-
קֶען מֵיין הַארְץ, פְּרוּף מִיךְ אוּנְד
דֶערְקֶען מֵיינֶע נִירֶען:
24 אוּנְד זֶעה אוֹיבּ עֶס אִיז אִין מִיר
אַ טְרוֹיערִיגֶער (שְׁלֶעכְטֶער) װֶעג, אוּנְד
פִיהְר מִיךְ אוֹיף דֶעם אֵייבִּיגֶען װֶעג:

## תהלים קמ

1 צוּ דֶעם גֶעזַאנְגְמֵייסְטֶער—אַ גֶעזַאנְג
פוּן דָוִד:
2 צִיה מִיךְ אַרוֹיס פוּן שְׁלֶעכְטֶע
מֶענְשֶׁען, אוּנְד פוּן אַ רוֹיבֶּערִישֶׁען
מֶענְשׁ זָאלְסְט דוּא מִיךְ הִיטֶען:
3 פוּן דִיא װָאס טְרַאכְטֶען שְׁלֶעכְטֶעס
אִין זֵייעֶר הַארְץ, דֶעם גַאנְצֶען טָאג
רֵייצֶען זֵייא מִיךְ אָן צוּ דֶער
מִלְחָמָה:
4 זֵייא שַׁארְפֶען זֵייעֶרֶע צוּנְג אַזוֹי וִויא
אַ שְׁלַאנְג, גִיפְט פוּן אֵיין אָטֶער שְׁלַאנְג
אִיז אוּנְטֶער זֵייעֶרֶע לִיפֶּען, סֶלָה!
5 אוֹי גָאט! בֶּעהִיט מִיךְ פוּן דִיא
הֶענְד פוּן דִיא רְשָׁעִים, אוּנְד פוּן דֶעם
רוֹיבֶּערִישֶׁען מֶענְשׁ זָאלְסְט דוּא מִיךְ
בֶּעהִיטֶען, פוּן אַזָאלְכֶע װָאס טְרַאכְטֶען
צוּ פֶערשְׁטוֹיסֶען מֵיינֶע טְרִיט:
6 דִיא שְׁטָאלְצֶע הָאבֶּען פַאר מִיר
בֶּעהַאלְטֶען אַ נֶעץ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אַ שְׁטְרִיק-נֶעץ, אָן דֶער
זֵייט פוּן דֶעם װֶעג הָאבֶּען זֵייא
שְׁטְרוֹיכֶעל-נֶעץ פַאר מִיר אַנִידֶערְגֶע-
לֵייגְט, סֶלָה!
7 אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט צוּ יְהֹוָה, דוּא

בִּיזְט מֵיין גָאט, אוי גָאט פֶּערְנֶעם דָאס קוֹל פוּן מֵיין גֶעבֶּעט !

8 אוי הַאר גָאט ! דִיא שְׁטַארְקְהַייט פוּן מֵיינֶע הִילְף ! דוּא הָאסְט בֶּעדֶעקְט מֵיין קָאפּ אִין דֶעם טָאג פוּן דֶעם אָנְפַאנְג (פוּן דֶער מִלְחָמָה) :

9 אוי גָאט, גֶעבּ נִיט צוּ דֶעם רָשָׁע זַיין גְלוּסְטוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט לָאזֶען בֶּעגְלִיקֶען זַיינֶע בֵּייזֶע מַחְשָׁבוֹת, וָוארִין זֵייא דֶערְהֵייבֶּען זִיךְ, סֶלָה !

10 דִיא קֶעפּ וָואס רִינְגֶעלְן מִיךְ אַרוּם, לָאז זֵייא דָאס אוּמְגְלִיק פוּן זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע לִיפֶּען בֶּעדֶעקֶען :

11 פֵייעֶרִיגֶע קוֹילֶען זָאלֶען אוֹיף זֵייא אַרוּפְּפַאלֶען, זֵייא זָאלֶען אִין דֶעם פֵייעֶר אַרֵיינְפַאלֶען, אִין דִיא טִיפֶע גְרוּבֶּען, דָאס זֵייא זָאלֶען נִיט קֶענֶען אוֹיפְשְׁטֵיין :

12 אַ מֶענְשׁ וָואס הָאט אַ (פַאלְשֶׁע) צוּנְג זָאל נִיט קֶענֶען בֶּעשְׁטֵיין אוֹיף דֶער עֶרְד, דֶער רוֹיבֶּעריִשֶׁער מֶענְשׁ־דָאס שְׁלֶעכְטֶע (וָואס עֶר טְהוּט) זָאל אִיהְם נָאכְיָאגֶען, כְּדֵי עֶר זָאל פֶערְשְׁטוֹיסֶען וֶוערֶען :

13 אִיךְ ווייס אַז גָאט וֶועט טְהוּן דֶעם דִין פוּן דֶעם אָרֶעמֶען, אוּנְד דָאס מִשְׁפָּט פוּן דֶעם בֶּעדַארְפְטִיגֶען :

14 אָבֶּער דִיא צַדִיקִים וֶועלֶען לוֹיבֶּען דַיין נָאמֶען, דִיא רֶעכְטְפַארְטִיגֶע וֶועלֶען וְואוֹינֶען בְּלֵייבֶּען פַאר דַיין פָּנִים :

## תהלים קמא

1 אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד — אוי גָאט, אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶערוּפֶען, אֵייל דִיךְ צוּ מִיר, אוי פֶּערְנֶעם מֵיין קוֹל וֶוען אִיךְ רוּף צוּ דִיר :

2 לָאז מֵיין גֶעבֶּעט זַיין אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר דִיר אַזוֹי וִויא קְטוֹרֶת, דִיא אוֹיפְהֵייבּוּנְג פוּן מֵיינֶע הֶענְד אַזוֹי וִויא דָאס קָרְבָּן מִנְחָה פוּן פַאר נַאכְט :

3 אָ גָאט מַאךְ אַ הִיטוּנְג צוּ מֵיין מוֹיל, הִיט גוּט דִיא טִיעֶר פוּן מֵיינֶע לִיפֶּען :

4 דוּא זָאלְסְט נִיט לָאזֶען נֵייגֶען מֵיין הַארְץ צוּ אַ שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ, מִיךְ עוֹסֵק צוּ זַיין מִיט שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים, מִיט שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען וָואס טְהוּן אוּמְרֶעכְטֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד לָאז מִיךְ נִיט עֶסֶען פוּן זֵייעֶרֶע זִיסִיגְקֵייטֶען :

5 לָאז מִיךְ לִיבֶּער דֶער צַדִיק שְׁלָאגֶען, וָוארִין דָאס וֶועט זַיין אַ חֶסֶד, אוּנְד לָאז עֶר מִיךְ שְׁטְרָאפֶען, דָאס וֶועט זַיין אַזוֹי וִויא טֵייעֶר אֵייל אוֹיף דֶעם קָאפּ, לָאז עֶס נִיט אָפְּגֶעשָׁאקֶעלְט וֶוערֶען פוּן מֵיין קָאפּ, וָוארִין וֶוען זֵייא זֶענֶען נָאךְ אִין זֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייטֶען בֶּעט אִיךְ נָאךְ פַאר זֵייא :

6 וֶוען זֵייעֶרֶע שׁוֹפְטִים זֶענֶען אוֹיסְגֶעגְלִיטְשְׁט גֶעוָוארֶען אַן דִיא זֵייטֶען פוּן דֶעם פֶעלְז, אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא הֶערֶען מֵיינֶע וֶוערְטֶער, וָוארִין זֵייא זֶענֶען לִיבְּלִיךְ :

7 גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אֵיינֶער וָואס גְרוּבְּט אוּנְד שְׁפַּאלְט אִין דִיא עֶרְד, אַזוֹי זֶענֶען אוּנְזֶערֶע בֵּיינֶער צוּשְׁפְּרֵייט בֵּייא דֶעם מוֹיל פוּן דֶעם שְׁאוֹל :

8 וָוארִין מֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען צוּ דִיר אוי יְהוָֹה, מֵיין הַאר ! אִין דִיר בֶּעשִׁיץ אִיךְ מִיךְ, לָאז נִיט מֵיינֶע זֶעעֶלֶע אוֹיסְגֶעלֵיידִיגְט וֶוערֶען :

9 בֶּעהִיט מִיךְ פוּן דִיא זֵייט פוּן דֶעם נֶעץ, מִיט וָואס זֵייא וִוילֶען מִיךְ חַאפֶּען, אוּנְד פוּן דִיא שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען פוּן זָאלְכֶע וָואס טְהוּן אוּמְרֶעכְט :

10 לָאזֶען דִיא רְשָׁעִים צוּזַאמֶען אַרֵיינְ־

פאַלען אין זייערע אייגענע נעצען, ביז
איך בין אַריבערגעגאַנגען:

תהלים קמב

1 אַ בעטראַכטונג פון דוד–ווען ער
איז געוועזען אין דער הייל האָט ער
תפלה געטהון:
2 איך שרייא צו גאָט מיט מיין קול!
איך בעט צו גאָט מיט מיין קול:
3 איך גיס אויס מיין געבעט פאַר
איהם, איך דערצייל פאַר איהם מיינע
צרות:
4 ווען מיין גייסט איז אין מיר
איבערוועלטיגט געוועזען אַזוי ווייסט
דוא דאָך מיינע שטעג, אויף דעם וועג
וואָס איך גייא האָבען זייא פאַר מיר
בעהאַלטען אַ נעץ:
5 ווען איך קוק אויף דער רעכטער
האַנד, זעה אַזוי איז קיינער ניט דאָ
וואָס וויל מיך דערקענען, איטליכע
ענטרינונג איז פאַר מיר פערלוירען,
אונד קיינער זוכט ניט מיינע זעעלע:
6 צו דיר, אוי גאָט האָב איך גע־
שריגען, איך האָב געזאָגט דוא ביזט
מיינע בעשיצונג, מיין חלק אין דעם
לאַנד פון דיא לעבעדיגע:
7 פערנעם מיין געבעט, וואָרין איך
בין זעהר עלענד, זייא מיך מציל פון
מיינע נאָכיאָגערס וואָרין זייא זענען
שטאַרקער פון מיר:
8 ברענג מיך אַרויס פון דעם גע־
פענגעניס, כדי איך זאָל לויבען דיין
נאָמען, דיא צדיקים וועלען מיך אַרומ־
רינגלען, ווייל דוא וועסט מיר וואויל־
געפעליג זיין:

תהלים קמג

1 אַ געזאַנג פון דוד–אוי גאָט הער
מיינע תפלה, פערנעם מיין געבעט,
אין דיינער טרייהייט ענטפער מיר
אונד אין דיינע גערעכטיגקייט:
2 אונד דוא זאָלסט ניט קומען אין
משפט מיט דיין קנעכט, וואָרין פאַר
דיר וועט קיין לעבעדיגער ניט גערעכט
זיין:
3 וואָרין דער פיינד יאָגט מיך נאָך,
ער האָט מיין לעבען ביז צו דער ערד
געשטויסען, ער האָט מיך געמאַכט
זיצען אין דער פינסטערניס גלייך
אַזוי וויא דיא טויטע פון דער וועלט:
4 דאַריבער איז מיין געמיט אין מיר
פערשמאַכט, מיין הארץ איז אין מיר
וויסט:
5 איך געדענק דיא טעג פון פאַר־
צייטען, איך בעטראַכט אַלע דיינע
מעשים, יוא, פון דיא מעשים פון
דיינע הענד טהוא איך נאָכזינען:
6 איך האָב אויסגעשפרייט מיינע
הענד צו דיר, מיינע זעעלע שמאַכט
צו דיר אַזוי וויא אַ מידיג (דורשטיג)
לאַנד, סלה:
7 איול אונד ענטפער מיר אוי גאָט!
מיין גייסט פערגייט, פערבאָרג ניט
דיין פנים פון מיר, וואָרין איך וועל
זיין געגליכען צו דיא וואָס נידערען
אַרופּ אין דער גרוב:
8 מאַך מיך הערען אין דער פריה
דיין חסד, וואָרין מיין בטחון איז אין
דיר, מאַך מיך וויסען דעם וועג
וועלכען איך זאָל גיין, וואָרין צו דיר
הייב איך אויף מיינע זעעלע:
9 זייא מיך מציל פון מיינע פיינד,
אוי יהוה, איך האָב מיך ביא דיר
בעהאַלטען:
10 לערן מיך צו טהון דיין ווילען,
וואָרין דוא ביזט מיין גאָט, דיין גוטער

רוּחַ זָאל מִיךְ פִירְהֶרֶען אִין דֶעם אוֹיפְרִיכְטִיגֶען לַאנְד ׃

11 פוּן וֶועגֶען דֵיין נָאמֶען אוֹי גָאט, זָאלְסְט דוּא מִיךְ דֶערקְוויקֶען, אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט זָאלְסְט דוּא אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען מֵיין נֶפֶשׁ פוּן דֶער צָרָה ׃

12 אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֵיין חֶסֶד זָאלְסְט דוּא פֶערשְׁנֵיידֶען מֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען פֶערלִירֶען אַלֶע פֵיינְד פוּן מֵיין נֶפֶשׁ, וָוארין אִיךְ בִּין דֵיין קְנֶעכְט ׃

## תהלים קמד

1 פוּן דָוִד—גֶעבֶּענְשְׁט אִיז יְהוָֹה מֵיין שְׁטַארְקֶער פֶעלְז, וָואס הָאט גֶעלֶערְנְט מֵיינֶע הֶענְד מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, אוּנְד מֵיינֶע פִינְגֶער צוּ שְׁטְרֵייטֶען ׃

2 עֶר טְהוּט מִיט מִיר חֶסֶד, עֶר אִיז מֵיינֶע פֶעסְטוּנְג, מֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט, אוּנְד עֶר מַאכְט מִיךְ עֶנְטְרִינֶען, עֶר אִיז מֵיין פַּאנְצֶער, אוּנְד אִין אִיהְם בֶּעשִׁיץ אִיךְ מִיךְ, עֶר הָאט מֵיין פָאלְק צוּ מִיר אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט ׃

3 אוֹי גָאט ! וָואס אִיז דֶער מֶענְשׁ אַז דוּא זָאלְסְט אִיהְם אָנֶערְקֶענֶען ! אוּנְד דֶער מֶענְשֶׁען־זוּהְן אַז דוּא זָאלְסְט אַן אִיהְם גֶעדֶענְקֶען ׃

4 אֵיין מֶענְשׁ אִיז גֶעגְלִיכֶען צוּ נַארִישְׁקֵייט, זֵיינֶע טֶעג זֶענֶען אַזוֹי וִויא אַ שָׁטָן וָואס גֵייט פַארִיבֶּער ׃

5 אוֹי גָאט ! נֵייג דֵיינֶע הִימֶעלְן אוּנְד קוּם אַרָאפּ, רִיהְר אָן דִיא בֶּערְג אוּנְד זַייא וֶועלֶען רֵייכֶערְן ׃

6 לָאז בְּלִיצֶען אוּנְד צוּשְׁפְּרֵייט זַייא, שִׁיק אַרוֹיס דֵיינֶע פֵיילֶען אוּנְד פֶערְ־טוּמֶעל זַייא ׃

7 שְׁטְרֶעק אוֹיס דֵיינֶע הַאנְד פוּן אוֹיבֶּען אוּנְד צִיה מִיךְ אַרוֹיס אוּנְד זַייא מִיךְ מַצִיל (אַזוֹי וִויא) פוּן פִילֶע וַואסֶערְן, פוּן דִיא הַאנְד פוּן פְרֶעמְדֶע קִינְדֶער ׃

8 וָואס זֵייעֶר מוֹיל רֶעט פַאלְשְׁקֵייט, אוּנְד זֵיירֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אִיז אַ הַאנְד פוּן פַאלְשְׁקֵייט ׃

9 אוֹי גָאט, אִיךְ וֶועל צוּ דִיר זִינְגֶען אַ נֵייעֶס לִיד, מִיט אַ פִידֶעל פוּן צֶעהְן סְטְרָאנְגֶעס וֶועל אִיךְ זִינְגֶען לוֹיבּ צוּ דִיר ׃

10 דֶער וָואס גֶעט הִילְף צוּ דִיא מְלָכִים, אוּנְד וָואס הָאט אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען זֵיין קְנֶעכְט דָוִד פוּן אַ שְׁלֶעכְטֶען שְׁוֶוערְד ׃

11 צִיה מִיךְ אַרוֹיס אוּנְד זַייא מִיךְ מַצִיל פוּן דִיא הַאנְד פוּן דִיא פְרֶעמְדֶע קִינְדֶער, וָואס רֶעדֶען פַאלְשְׁקֵייט מִיט זֵייעֶר מוֹיל, אוּנְד זֵיירֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אִיז אַ רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן פַאלְשְׁקֵייט ׃

12 אַז אוּנְזֶערֶע זִיהְן וֶועלֶען זֵיין אַזוֹי וִויא פְלַאנְצֶען גְרוֹיס גֶעוַואקְסֶען אִין זֵייעֶר יוּגֶענְד, אוּנְד אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער אַזוֹי וִויא וִוינְקֶעל־שְׁטֵיינֶער וָואס זֶענֶען אוֹיסְגֶעפּוּצְט צוּ דֶעם גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם הֵיכָל ׃

13 אַז אוּנְזֶערֶע שְׁפֵּייכֶער וֶועלֶען פוּל זֵיין, זַייא וֶועלֶען אַרוֹיסְגֶעבֶּען אַלֶערְלֵייא שְׁפֵּייז, אוּנְד אוּנְזֶערֶע שָׁאף וֶועלֶען בְּרֶענְגֶען טוֹיזֶענְדֶע אוּנְד צֶעהְן־טוֹיזֶענְדֶע אִין אוּנְזֶערֶע גַאסֶען ׃

14 אוּנְזֶערֶע אָקְסֶען וֶועלֶען זֵיין גוּט בֶּעלָאדֶענְט, אוּנְד עֶס וֶועט נִיט זֵיין קֵיינֶע אֵיינבְּרֶעכוּנְג אוּנְד קֵיין אַרוֹיסְ־גֵיין, אוּנְד עֶס וֶועט אוֹיךְ נִיט זֵיין קֵיין (מִלְחָמָה) גֶעשְׁרֵייא אִין אוּנְזֶערֶע גַאסֶען ׃

15 וָואוֹיל אִיז צוּ דֶעם פָאלְק

וָואס עֶס אִיז צוּ אִיהְם אַזוי, וְואוויל
אִיז דֶעם פָאלְק וָואס הָאט יְהֹוָה פַאר
זַיין גָאט:

## תהלים קמה

1 אַ לויבּ פוּן דָוִד–אִיךְ וֶועל דִיךְ
דֶערְהֵייבֶּען, אוי מֵיין גָאט, דֶער מֶלֶךְ!
אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּענְשֶׁען דֵיין נָאמֶען
אויף אִימֶער אוּנְד אֵייבִּיג:
2 אַלֶע טֶעג וֶועל אִיךְ דִיךְ בֶּענְשֶׁען,
אוּנְד אִיךְ וֶועל לויבֶּען דֵיין נָאמֶען
אויף אִימֶער אוּנְד אֵייבִּיג:
3 יְהֹוָה אִיז גְרויס אוּנְד זֶעהְר גֶעלויבְּט,
אוּנְד צוּ זַיינֶע גְרויסְקֵייט אִיז קֵיינֶע
אויסְפָארְשׁוּנְג:
4 אֵיין דור צוּ דֶעם אַנְדֶערְן דור
לויבֶּען דֵיינֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד זַייא דֶערְ־
צֵיילֶען דֵיינֶע גְבוּרוֹת:
5 פוּן דִיא שֵׁיינְקֵייט פוּן דֶעם כָּבוֹד
פוּן דֵיין לויבּ, אוּנְד פוּן דֵיינֶע
וְואוּנְדֶערְלִיכֶע וֶוערְטֶער וֶועל אִיךְ
רֶעדֶען:
6 אוּנְד זַייא רֶעדֶען פוּן דִיא שְׁטַארְק־
הֵייט פוּן דֵיינֶע פָארְכְטֶערְלִיכֶע זַאכֶען,
אוּנְד אִיךְ וֶועל דֶערְצֵיילֶען פוּן דֵיינֶע
גְרויסְקֵייט:
7 זַייא וֶועלֶען אַרויסְרֶעדֶען דִיא גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֵיינֶע גְרויסֶע גוּטְקֵייט,
אוּנְד זַייא וֶועלֶען זִינְגֶען פוּן דֵיינֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט:
8 גָאט אִיז לֵייטְזֶעלִיג אוּנְד בַּארְמְ־
הֶערְצִיג, אוּנְד עֶר דֶערְלֶענְגֶערְט דֶעם
צָארְן, אוּנְד אִיז פוּן גְרויסֶען חֶסֶד:
9 גָאט אִיז גוּט צוּ אַלֶע, אוּנְד זַיינֶע
דֶערְבַּארְמוּנְג אִיז אִיבֶּער אַלֶע זַיינֶע
מַעֲשִׂים:
10 אוי גָאט! אַלֶע דֵיינֶע מַעֲשִׂים
וֶועלֶען דִיךְ לויבֶּען, אוּנְד דֵיינֶע חֲסִידִים
וֶועלֶען דִיךְ בֶּענְשֶׁען!
11 זַייא וֶועלֶען הֶערֶען פוּן דֶעם כָּבוֹד
פוּן דֵיין מַלְכוּת, אוּנְד זַייא וֶועלֶען
אויךְ רֶעדֶען פוּן דֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט:
12 בֶּעקַאנְט צוּ מַאכֶען צוּ דִיא
מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער זַיינֶע גְבוּרָה, אוּנְד
דֶעם שֵׁיינֶעם כָּבוֹד פוּן זַיין מַלְכוּת:
13 דֵיין מַלְכוּת אִיז אַ מַלְכוּת אִיבֶּער
אַלֶע וֶועלְטֶען, אוּנְד דֵיינֶע גֶעוֶועלְטִיגוּנְג
וֶועט זַיין אִיבֶּער אַלֶע דורות:
14 גָאט אִיז אַן אוּנְטֶערְלֶעהְנוּנְג צוּ
אַלֶע וָואס פַאלֶען, אוּנְד עֶר שְׁטֶעלְט
אויף אַלֶע וָואס זֶענֶען אֵיינְגֶעבּויגֶען:
15 דִיא אויגֶען פוּן אַלֶע קוּקֶען צוּ
דִיר, אוּנְד דוּא גֶעסְט צוּ זַייא זֵייעֶרֶע
שְׁפֵּייז אִין זֵייעֶרֶע צֵייט:
16 דוּא מַאכְסְט אויף דֵיינֶע הַאנְד,
אוּנְד דוּא מַאכְסְט זַאט אַלֶע לֶעבֶּעדִיגֶע
מִיט דֵיין ווִילֶען:
17 יְהֹוָה אִיז גֶערֶעכְט אִין אַלֶע זַיינֶע
וֶועגֶען, אוּנְד אִיז אַ חָסִיד אִין אַלֶע
זַיינֶע מַעֲשִׂים:
18 גָאט אִיז נָאהֶענְט צוּ אַלֶע וָואס
טְהוּן אִיהְם אָנְרוּפֶען, צוּ אַלֶע וָואס
טְהוּן אִיהְם אָנְרוּפֶען מִיט אֱמֶת:
19 דֶעם ווִילֶען פוּן דִיא וָואס פָארְכְטֶען
אִיהְם טְהוּט עֶר, אוּנְד עֶר הֶערְט זֵייעֶר
גֶעשְׁרֵייא אוּנְד עֶר הֶעלְפְט זַייא:
20 גָאט בֶּעהִיט אַלֶע וָואס לִיבֶּען
אִיהְם, אָבֶּער אַלֶע רְשָׁעִים וֶועט עֶר
פֶערְטִילְגֶען:
21 מֵיין מויל וֶועט רֶעדֶען דָאס לוֹב
פוּן גָאט, אוּנְד אַלֶעס פְלֵיישׁ (אַלֶע
מֶענְשֶׁען) וֶועלֶען בֶּענְשֶׁען זַיין הֵיילִיגֶען
נָאמֶען אויף אִימֶער אוּנְד אֵייבִּיג:

## תהלים קמו

1 הַלְלוּיָה! אוי מֵיין נֶפֶשׁ, לויבּ גָאט:



איך

2 איך װעל גאָט לויבען אַזוי לאַנג
װיא איך לעב, איך װעל זינגען צו
מײן גאָט װײל איך לעב נאָך:
3 איהר זאָלט אײך ניט פערזיכערן
אין פירשטען, אויך ניט אין דיא
מענשען־קינדער, אין װעלכע עס איז
ניט קײנע הילף:
4 װען זײן רוח גײט אַרויס פון איהם
אַזוי קעהרט ער זיך צוריק צו זײנע
ערד; אין דעמזעלבען טאָג װערען
זײנע געדאַנקען פערלוירען:
5 װאויל איז דעם װאָס האָט דעם
גאָט פון יעקב פאַר זײנע הילף, אונד
װאָס זײנע האָפנונג איז אויף יהוה
זײן גאָט:
6 דער װאָס האָט געמאַכט הימעל
אונד ערד, דאָס ים אונד אַלעס װאָס
איז דאַרין, דער װאָס היט דעם אמת
אויף אײביג:
7 אונד װאָס טהוט משפט צו דיא
געראויבטע, װאָס געט ברויט צו דיא
הונגריגע; גאָט בינדט אויף דיא גע־
בונדענע:
8 גאָט מאַכט אויף דיא אויגען פון
דיא בלינדע, גאָט שטעלט אויף דיא
אײנגעבויגענע, גאָט ליבט דיא
צדיקים:
9 גאָט בעהיט דיא גרים, דעם יתום
אונד דיא אלמנה טהוט ער אַרויס־
העלפען, אָבער דעם װעג פון דיא
רשעים טהוט ער פערקרימען:
10 גאָט װעט קעניגען אויף אײביג,
יוא דײן גאָט, אוי ציון, פון דור צו
דור, הללויה:

תהלים קמז

1 הללויה! לויבט גאָט, װאָרין עס
איז גוט צו זינגען צו אונזערן גאָט,
װאָרין עס איז זיס, אונד לויב איז
גאַנץ שײן:
2 גאָט װעט אויפבויען ירושלים, ער
װעט פערזאַמעלן דיא פערשטויסענע
פון ישראל:
3 ער הײלט דיא צובראָכענע הערצער
אונד פערבינדעט זײערע װוּנדען:
4 ער צײלט דיא צאָל פון דיא
שטערן, אונד ער רופט זײא אַלע בײא
זײער נאָמען:
5 אונזער האַר איז גרויס, אונד ער
האָט פיל כוח, אונד צו זײנע פער־
שטענדיגקײט איז ניט קײנע צאָל:
6 גאָט הײבט אויף דיא דעמיטיגע,
אָבער דיא רשעים װאַרפט ער אַרופּ
ביז צו דער ערד:
7 זינגט צו גאָט מיט אַ לויבגעזאַנג,
זינגט צו אונזער גאָט מיט דער האַרף:
8 דער װאָס בעדעקט דיא הימעל
מיט װאָלקען, אונד װאָס בערײט אַן
רעגען פאַר דיא ערד, אונד דער װאָס
מאַכט גראָז װאַקסען אויף דיא בערג:
9 ער געט צו דיא בהמות זײערע
שפּײז, אונד צו דיא יונגע ראָבען װאָס
שרײען:
10 ער האָט ניט קײן פערלאַנגען אַן
דיא שטאַרקהײט פון דעם פערד, ער
האָט אויך ניט קײן לוסט אַן דיא
קניען (פיס) פון אַ מענש:
11 גאָט האָט אַ װאוילגעפאַלען אין
זײנע יראים, װאָס האָפען צו זײן
חסד:
12 לויב גאָט, אוי דוא ירושלים, לויב
דײן גאָט אוי דוא ציון:
13 װאָרין ער האָט שטאַרק געמאַכט
דיא ריגעלן פון דײנע טויערן, ער האָט
געבענשט דײנע קינדער צװישען דיר:

14 עֶר הָאט גֶעמַאכְט דֵיינֶע גְרֶענֶעצֶען
שָׁלוֹם, עֶר הָאט דִיךְ זַאט גֶעמַאכְט
מִיט דֶעם בֶּעסְטֶען ווייץ:
15 דֶער וָואס הָאט אַרויסְגֶעשִׁיקְט
זַיינֶע אָנְזָאג אִין דִיא עֶרְד,—אוּנְד זַיין
וָוארְט לויפְט גַאנְץ גֶעשְׁווִינְד:
16 דֶער וָואס גִיט שְׁנֵייא אַזוֹי ווִיא
וָואל, עֶר פֶערשְׁפְּרֵייט דִיא פְרָאסְט
אַזוֹי ווִיא אַשׁ:
17 עֶר וַוארְפְט זַיינֶע אֵייז־קֶעלְט אַזוֹי
ווִיא שְׁטִיקֶער, וָוער קֶען בֶּעשְׁטֵיין פַאר
זַיינֶע קֶעלְט?
18 עֶר שִׁיקְט אַרוֹיס זַיין וָוארְט אוּנְד
מַאכְט עֶס צוּשְׁמֶעלְצֶען, עֶר לָאזְט זַיין
ווִינְד צוּרִיקְקוּמֶען אוּנְד דִיא וַואסֶערְן
רִינֶען:
19 עֶר הָאט זַיין וָוארְט גֶעלָאזְט
אָנְזָאגֶען צוּ יַעֲקֹב, זַיינֶע גֶעזֶעץ אוּנְד
זַיינֶע מִשְׁפָּטִים צוּ יִשְׂרָאֵל:
20 אַזוֹי הָאט עֶר נִיט גֶעטְהוּן צוּ קֵיין
שׁוּם פָאלְק, אוּנְד פוּן וֶועגֶען זַיינֶע
מִשְׁפָּטִים, עֶר הָאט עֶס צוּ זַייא נִיט
גֶעלָאזְט ווִיסֶען, הַלְלוּיָהּ!

תהלים קמח

1 הַלְלוּיָהּ! לוֹיבְּט גָאט פוּן דִיא
הִימֶעלְן, לוֹיבְּט אִיהְם אִין דֶער הֵייךְ:
2 לוֹיבְּט אִיהְם, אַלֶע אִיהְר זַיינֶע
מַלְאָכִים, לוֹיבְּט אִיהְם אַלֶע אִיהְר
זַיינֶע חַיָלוֹת:
3 לוֹיבְּט אִיהְם אִיהְר זוּן אוּנְד לְבָנָה;
לוֹיבְּט אִיהְם אַלֶע אִיהְר לִיכְטִיגֶע
שְׁטֶערְן:
4 לוֹיבְּט אִיהְם אִיהְר הִימֶעלְס הִימֶעלְן,
אוּנְד דִיא וַואסֶערְן וָואס זֶענֶען אִיבֶּער
דִיא הִימֶעלְן:
5 זַייא (אַלֶע) זָאלֶען לוֹיבֶּען דֶעם
נָאמֶען פוּן יְהוָֹה, וָוארִין עֶר הָאט עֶס
גֶעבָּאטֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען בֶּעשַׁאפֶען
גֶעוָוארֶען:
6 אוּנְד עֶר הָאט זַייא אָנְגֶעשְׁטֶעלְט
אוֹיף אִימֶער אוּנְד אֵייבִּיג, עֶר הָאט
גֶעגֶעבֶּען (גֶעמַאכְט) אַ גֶעזֶעץ, אוּנְד
מֶען זָאל עֶס נִיט עוֹבֵר זַיין:
7 לוֹיבְּט גָאט פוּן דֶער עֶרְד, אִיהְר
דְרַאכֶען־שְׁלַאנְגֶען אוּנְד אַלֶע טִיפֶענִים:
8 פֵייעֶר אוּנְד הָאגֶעל, שְׁנֵייא אוּנְד
רוֹיךְ, שְׁטוּרְמְווִינְד וָואס טְהוּעֶן אוֹיסְ־
רִיכְטֶען זַיין וָוארְט:
9 דִיא בֶּערְג אוּנְד אַלֶע הֵייךְ, דִיא
פְרוּכְטבֵּיימֶער אוּנְד אַלֶע טֶענֶענְבֵּיימֶער:
10 דִיא ווִילְדֶע חַיוֹת אוּנְד אַלֶע
בְּהֵמוֹת, דָאס גֶעווֶערְם אוּנְד דִיא גֶע־
פְלִיגֶעלְטֶע פֵייגֶעל:
11 דִיא מְלָכִים פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד
אַלֶע פֶעלְקֶער, דִיא פִירְשְׁטֶען אוּנְד
אַלֶע שׁוֹפְטִים פוּן דֶער עֶרְד:
12 דִיא בַּחוּרִים אוּנְד אוֹיךְ דִיא
בְּתוּלוֹת, דִיא אַלְטֶע לֵייט אוּנְד דִיא
יוּנְגֶע לֵייט:
13 זַייא אַלֶע זָאלֶען לוֹיבֶּען דֶעם
נָאמֶען פוּן יְהוָֹה, וָוארִין זַיין נָאמֶען
אַלֵיין אִיז דֶערְהוֹיבֶּען, זַיינֶע שֵׁיינְהֵייט
אִיז אִיבֶּער דִיא עֶרְד אוּנְד דִיא
הִימֶעלְן:
14 וָוארִין עֶר הָאט דֶערְהוֹיבֶּען דָאס
הָארְן פוּן זַיין פָאלְק, פַאר אַ לוֹיב צוּ אַלֶע
זַיינֶע חֲסִידִים, אַפִילוּ צוּ דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל, אַ פָאלְק וָואס אִיז נָאהֶענְט צוּ
אִיהְם, הַלְלוּיָהּ:

תהלים קמט

1 הַלְלוּיָהּ! זִינְגְט צוּ גָאט אַ נֵייעֶס
לִיד, זַיין לוֹיבּ אִיז אִין דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג
פוּן דִיא חֲסִידִים:
2 לָאז זִיךְ יִשְׂרָאֵל פְרֵייעֶן אִין אִיהְם


וואס

וָואס הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט, אוּנְד דִיא
קִינְדֶער פוּן צִיוֹן זָאלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן אִין
זֵייעֶר קֶענִיג׃
3 זֵייא זָאלֶען לוֹיבֶּען זֵיין נָאמֶען מִיט
טַאנְצֶען, זֵייא זָאלֶען זִינְגֶען צוּ אִיהְם
מִיט פּוֹיקֶען אוּנְד הַארְפֶען׃
4 וָוארִין גָאט הָאט אַ וְואוֹילְגֶעפַאלֶען
צוּ זֵיין פָאלְק, עֶר וֶועט שֵׁיין מַאכֶען
דִיא דֶעמִיטִיגֶע מִיט הִילְף׃
5 דִיא חַסִידִים פְרֵייעֶן זִיךְ אִין כָבוֹד,
זֵייא זָאלֶען זִינְגֶען אוֹיף זֵייעֶר גֶעלֶעגֶער׃
6 זֵייא דֶערְהֵייבֶען גָאט מִיט זֵייעֶר
הַאלְז, אוּנְד (וִויא) מִיט אַ צְוֵוייא
שַׁארְפִיגֶע שְׁוֶוערְט אִין זֵייעֶר הַאנְד׃
7 צוּ טְהוּן אַ נְקָמָה אִין דִיא גוֹיִם,
אוּנְד שְׁטְרָאפוּנְגֶען אוֹיף דִיא פֶעלְקֶער־
שַׁאפְטֶען׃
8 צוּ בִּינְדֶען זֵייעֶרע מְלָכִים מִיט
קֵייטֶען, אוּנְד זֵייעֶרע בְּכָבוֹדֶע מִיט
אֵייזֶערְנֶע קֵייטֶען׃
9 כְּדֵי אָן זֵייא צוּ טְהוּן דָאס מִשְׁפָּט
וָואס אִיז אָנְגֶעשְׁרִיבֶען, עֶס אִיז שֵׁיין צוּ
אַלֶע זֵיינֶע חַסִידִים, הַלְלוּיָה!

תהלים קנ

1 הַלְלוּיָה! לוֹיבְּט גָאט אִין זֵיינֶע
הֵיילִיגְקֵייט, לוֹיבְּט אִיהְם אִין זֵיין
שְׁטַארְקֶען הִימֶעל׃
2 לוֹיבְּט אִיהְם אִין זֵיינֶע גְבוּרָה,
לוֹיבְּט אִיהְם נָאךְ זֵיינֶע פִילֶע גְרוֹיסְקֵייט׃
3 לוֹיבְּט אִיהְם מִיט שׁוֹפָר בְּלָאזֶען,
לוֹיבְּט אִיהְם מִיט דִיא פִידֶעל אוּנְד
הַארְף׃
4 לוֹיבְּט אִיהְם מִיט פּוֹיקֶען אוּנְד
טַאנְצֶען, לוֹיבְּט אִיהְם מִיט דִיא
אָרְגֶעל׃
5 לוֹיבְּט אִיהְם מִיט קְלִינְגֶענְדֶע
צִימְבֶּעלְן, לוֹיבְּט אִיהְם מִיט שַׁאלֶענְדֶע
צִימְבֶּעלְן׃
6 אִיטְלִיכֶע נְשָׁמָה זָאל לוֹיבֶּען גָאט;
הַלְלוּיָה!

חזק

---

נשלם ספר תהלים בעזרת האל המושיע

---

אַלע פסוקים פֿון דעם ספר תהלים זענען צווייא טויזענד פֿינף הונדערט
אונד זיבען אונד צוואנציג; דיא העלפֿט דאפֿון איז תהלים ע"ח,
ל"ו; אונד האט הונדערט אונד פֿופֿציג קאפּיטלעך.

# ספר משלי

קאפיטעל א

1 דָאס זֶענֶען דִיא מְשָׁלִים פוּן שְׁלֹמֹה,
דָער זוּהְן פוּן דָוִד, מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל׃
2 צוּ וִויסֶען חָכְמָה אוּנְד מוּסָר, אוּנְד
צוּ פֶערשְׁטֶעהְן דִיא וֶוערְטֶער פוּן פֶער־
שְׁטַאנְד׃
3 אָנְצוּנֶעמֶען מוּסָר אוּנְד קְלוּגְהֵייט,
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד מִשְׁפָּט, אוּנְד
אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט׃
4 (דוּרךְ זֵייא) צוּ גֶעבֶּען צוּ דִיא
נַארִישֶׁע קְלוּגְהֵייט, צוּ דֶעם יוּנְגֶען מַאן
דֶערְקֶענְטֶענִיס אוּנְד נָאכְזִינֶען׃
5 דֶער חָכָם וֶועט צוּהֶערֶען, אוּנְד
וֶועט מֶעהְרֶען לֶערְנוּנְג, אוּנְד אַ פֶער־
שְׁטֶענְדִיגֶער וֶועט זִיךְ קוֹיפֶען קְלוּגֶע
עֵצוֹת׃
6 כְּדֵי צוּ פֶערשְׁטֵיין אַ מָשָׁל אוּנְד
דִיא אוֹיסְלֵייגוּנְג (דֶערְפוּן), דִיא וֶוערְטֶער
פוּן דִיא חֲכָמִים אוּנְד זֵייעֶרע רֶעטֶזֶעלְן׃
7 דִיא פָארְכְט פַאר גָאט דָאס אִיז
דֶער אָנְהֵייבּ פוּן וִויסֶענְשַׁאפְט, אָבֶּער
דִיא נַארִישֶׁע פֶערַאכְטֶען חָכְמָה אוּנְד
מוּסָר׃
8 מֵיין זוּהְן, הֶער צוּ דֶעם מוּסָר פוּן
דֵיין פָאטֶער, אוּנְד פֶערְלָאז נִיט דִיא
תּוֹרָה פוּן דֵיינֶע מוּטֶער׃
9 וָוארִין זֵייא זֶענֶען אַ בֶּעהֶעפְטוּנְג
פוּן חֵן צוּ דֵיין קָאפּ, אוּנְד שֵׁיינֶע
קֵייטֶען אוֹיף דֵיין הַאלְז׃
10 מֵיין זוּהְן, וֶוען זִינְדֶער וֶועלֶען דִיךְ
אִיבֶּערְרֶעדֶען, אַזוֹי גֶעבּ זֵייא נִיט נָאךְ׃
11 וֶוען זֵייא וֶועלֶען זָאגֶען, קוּם מִיט
אוּנְס, מִיר וֶועלֶען לוֹיעֶרְן בְּלוּט צוּ
פֶערְגִיסֶען, מִיר וֶועלֶען אוּנְס בֶּעהַאלְטֶען
קֶעגֶען דֶעם אוּמְשׁוּלְדִיגֶען בְּחִנָם׃
12 לָאמֶער זֵייא אִים גַאנְצֶען פֶער־
שְׁלִינְגֶען לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייט אַזוֹי וִויא
דֶער שְׁאוֹל, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דִיא וָואס
נִידֶערְן אַרוּפּ אִין דִיא גְרוּבּ׃
13 מִיר וֶועלֶען גֶעפִינֶען אַלֶערְלֵייא
טֵייעֶר רֵייכְקֵייט, אוּנְד מִיר וֶועלֶען
אָנְפִילֶען אוּנְזֶערֶע הֵייזֶער מִיט זַאקְרוּיבּ׃
14 וַוארְף דֵיין גוֹרָל צְוִוישֶׁען אוּנְס,
אֵיין בֵּייטֶעל זָאל צוּ אוּנְס אַלֶע זֵיין׃
15 מֵיין זוּהְן, דוּא זָאלְסְט נִיט מִיט
זֵייא גֵיין אוֹיף דֶעם וֶועג, פֶערְמֵייד
דֵיין פוּס פוּן זֵייעֶרֶע שְׁטֶעגֶען׃
16 וָוארִין זֵייעֶרֶע פִּיס לוֹיפֶען צוּם
שְׁלֶעכְטֶען, אוּנְד זֵייא אֵיילֶען זִיךְ בְּלוּט
צוּ פֶערְגִיסֶען׃
17 וָוארִין בְּחִנָם אִיז אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אַ
נֶעץ פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן אִיטְלִיכֶען
פוֹיגֶעל׃
18 אָבֶּער זֵייא לוֹיעֶרְן פַאר זֵייעֶר
אֵייגֶען בְּלוּט, זֵייא בֶּעהַאלְטֶען זִיךְ פַאר
זֵייעֶר אֵייגֶען לֶעבֶּען (נֶפֶשׁ)׃
19 אַזוֹי זֶענֶען דִיא שְׁטֶעגֶען פוּן אִיטְ־
לִיכֶען וָואס אִיז גֵייצִיג צוּ גֶעוִוינֶעשׁ,
אוּנְד וָואס נֶעמְט אַוֶועק דָאס נֶפֶשׁ פוּן
דֶעם וָואס בֶּעזִיצְט עֶס׃
20 דִיא חָכְמָה שְׁרֵייט דְרוֹיסֶען אוֹיף
דֶער גַאס, אִין דִיא בְּרֵייטֶע גַאסֶען
גֶעט זִיא אִיהְר קוֹל׃
21 זִיא שְׁרֵייט אוֹיף דֶעם הוֹיפְּט־מַארְק,
אַן דִיא טִירֶען פוּן דִיא טוֹיעֶרְן, אִין דֶער
שְׁטָאט זָאגְט זִיא אָן אִיהְרֶע וֶוערְטֶער׃

22 בִּיז וִויא לַאנְג וֶועט אִיהְר נַארוּנִים
לִיבֶּען נַארִישְׁקֵייט ? אוּנְד אִיהְר שְׁפֶּע־
טֶער וֶועט לוּסְט הָאבֶּען צוּ שְׁפֶּעטֶערַייא ?
אוּנְד אִיהְר נַארֶען וֶועט פֵיינְד הָאבֶּען
וִויסֶענְשַׁאפְט ?
23 קֶעהְרְט אֵייךְ אוּם צוּ מֵיינֶע
שְׁטְרָאפְרֵייד, זֶעהְט, אִיךְ וֶועל אִיבֶּער
אֵייךְ אוֹיסְגִיסֶען מֵיין גֵייסְט, אִיךְ וֶועל
אֵייךְ לָאזֶען וִויסֶען מֵיינֶע רֵייד :
24 ווייל אִיךְ הָאבּ גֶערוּפֶען אוּנְד
אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט גֶעוָואלְט (צוּהֶערֶען),
אִיךְ הָאבּ אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט מֵיינֶע הַאנְד
אוּנְד קֵיינֶער הָאט נִיט פֶערְנוּמֶען :
25 אוּנְד אִיהְר הָאט צוּשְׁטֶערְט אַלֶע
מֵיינֶע עֵצוֹת, אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט
גֶעוָואלְט אָנְגֶעמֶען מֵיינֶע שְׁטְרָאף־רֵייד :
26 אַזוֹי וֶועל אִיךְ לַאכֶען אִיבֶּער
אֵייעֶר אוּמְגְלִיק, אוּנְד אִיךְ וֶועל
שְׁפָּאטֶען וֶוען אֵייעֶרֶע פָּארְכְט קוּמְט אָן :
27 וֶוען אֵייעֶרֶע פָּארְכְט קוּמְט אָן אַזוֹי
וִויא אַ פֶערְווִיסְטוּנְג, אוּנְד אֵייעֶר
אוּמְגְלִיק קוּמְט אָן אַזוֹי וִויא אַ שְׁטֻרְמְ־
וִוינְד, וֶוען עֶס קוּמְט אִיבֶּער אֵייךְ אַ
צָרָה אוּנְד בֶּעדְרֶענְגֶענִיס :
28 דֶענְסְטְמָאל וֶועלֶען זֵייא מִיךְ
רוּפֶען, אָבֶּער אִיךְ וֶועל זֵייא נִיט
עֶנְטְפֶערְן, זֵייא וֶועלֶען מִיךְ פְרִיה זוּכֶען
אָבֶּער זֵייא וֶועלֶען מִיךְ נִיט גֶעפִינֶען :
29 ווייל זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאסְט וִויסֶענְ־
שַׁאפְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט
אוֹיסְדֶערְווֶוילְט דִיא פָּארְכְט פוּן גָאט :
30 זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט אָנְגֶעמֶען
מֵיינֶע עֵצוֹת, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
פֶערְוָוארְפֶען אַלֶע מֵיינֶע שְׁטְרָאף :
31 דַארוּם זָאלֶען זֵייא עֶסֶען פוּן דִיא
פְרוּכְט פוּן זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע וֶועגֶען, אוּנְד
פוּן זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע עֵצוֹת זָאלֶען זֵייא
זַאט וֶוערֶען :
32 וָוארִין דָאס אָפְּקֶעהְרֶען פוּן נַארֶען
וֶועט זֵייא הַרְגֶ'נֶען, אוּנְד דָאס וְואוֹילְ־
גֵיין פוּן דִיא נַארוּנִים וֶועט זֵייא אַלֵיין
מַאכֶען פֶערְלִירֶען :
33 אָבֶּער דֶער וָואס מִיךְ צוּהֶערְט
וֶועט זִיכֶער זַיין, אוּנְד עֶר וֶועט הָאבֶּען
רוּה פוּן דֶער בֵּייזֶען שְׁרֶעקֶענִיס :

## קאפיטעל ב

1 מֵיין זוּהְן, וֶוען דוּא וֶועסְט אָנְנֶעמֶען
מֵיינֶע רֵייד, אוּנְד דוּא וֶועסְט בֶּע־
הַאלְטֶען בֵּייא דִיר מֵיינֶע מִצְוֹת :
2 וֶוען דֵיין אוֹיעֶר וֶועט פֶערְנֶעמֶען
צוּ דִיא חָכְמָה, אוּנְד דוּא וֶועסְט נֵייגֶען
דֵיין הַארְץ צוּ פֶערְשְׁטַאנְד :
3 וֶוען דוּא וֶועסְט רוּפֶען צוּ פֶער־
שְׁטַאנְד, אוּנְד דוּא וֶועסְט גֶעבֶּען דֵיין
קוֹל צוּ פֶערְשְׁטַאנְד :
4 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט זִיא זוּכֶען
אַזוֹי וִויא זִילְבֶּער, אוּנְד אַזוֹי וִויא מֶען
זוּכְט בֶּעהַאלְטֶענֶע (אוֹצָרוֹת) :
5 דֶענְסְמָאל וֶועסְט דוּא פֶערְשְׁטֵיין
דִיא פָּארְכְט פוּן גָאט, אוּנְד דוּא וֶועסְט
גֶעפִינֶען דִיא וִויסֶענְשַׁאפְט פוּן גָאט :
6 וָוארִין גָאט גֶעט חָכְמָה, אוּנְד פוּן
זֵיין מוֹיל אִיז וִויסֶענְשַׁאפְט אוּנְד פֶער־
שְׁטַאנְד :
7 עֶר הָאט בֶּעהַאלְטֶען פַאר דִיא
רֶעכְטפַארְטִיגֶע זֵיינֶע לֶעהְרֶע, עֶר אִיז
אַ בֶּעשִׁיצוּנְג צוּ דִיא וָואס גֵייעֶן אוֹיפְ־
רִיכְטִיג :
8 עֶר הִיט דִיא שְׁטֶעגֶען פוּן מִשְׁפָּט,
אוּנְד דֶעם וֶועג פוּן זֵיינֶע חֲסִידִים
טְהוּט עֶר הִיטֶען :
9 דֶענְסְמָאל וֶועסְט דוּא פֶערְשְׁטֵיין
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד מִשְׁפָּט רֶעכְט־
פַארְטִיגְקֵייט, אוּנְד אַלֶע גוּטֶע שְׁטֶעגֶען

10 ווֶען חָכְמָה ווֶעט אַרײנְקוּמֶען אִין דײן הַאַרְץ, אַזוֹי ווֶעט דִיא ווִיסֶענְשַׁאפְט זײן זִיס צוּ דײן נֶפֶשׁ:

11 דָאס נָאכְדֶענְקֶען ווֶעט דִיךְ בֶּעהִיטֶען, אַפִּילוּ פֶערְשְׁטַאנְד ווֶעט דִיךְ בֶּעהִיטֶען:

12 כְּדֵי דִיךְ מַצִיל צוּ זַיין פוּן דֶעם בֵּייזֶען ווֶעג, אוּנְד פוּן דֶעם מַאן ווָאס רֶעט פֶערְקֶעהְרְטֶעס:

13 דִיא ווָאס פֶערְלָאזֶען דִיא אוֹיפְרִיכְטִיגֶע ווֶעגֶען, כְּדֵי צוּ גֵיין אִין דִיא פִינְסְטֶערֶע ווֶעגֶען:

14 דִיא ווָאס פְרֵייעֶן זִיךְ שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן, אוּנְד פְרֵייעֶן זִיךְ אִין פֶערְקֶעהְרְטֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייטֶען:

15 ווָאס זַיירֶע ווֶעגֶען זֶענֶען פֶערקְרִימְט, אוּנְד פֶערְדְרֵייט אִין זַיירֶע בֵּייזֶע שְׁטֶעגֶען:

16 דִיךְ מַצִיל צוּ זַיין פוּן אַ פְרֶעמְדֶע פְרוֹיא, פוּן אַ זָאלְכֶע פְרֶעמְדֶע ווָאס רֶעט גְלַאטֶעס (שְׁמֵייכֶעלֵייא):

17 ווָאס הָאט פֶערְלָאזֶען דֶעם הַאר פוּן אִיהְרֶע יוּגֶענְד, אוּנְד ווָאס הָאט פֶערְגֶעסֶען דֶעם בְּרִית פוּן אִיהְר גָאט:

18 ווָארִין אִיהְר הוֹיז נֵייגְט אַרוּפ צוּ דֶעם טוֹיט, אוּנְד אִיהְרֶע שְׁטֶעגֶען צוּ דִיא טוֹיטֶע:

19 אַלֶע ווָאס קוּמֶען צוּ אִיהְר אַרֵיין קֶעהְרֶען נִיט צוּרִיק, אוּנְד זֵייא גְרֵייכֶען נִיט מֶעהְר דִיא שְׁטֶעגֶען פוּן לֶעבֶּען:

20 כְּדֵי דוּא זָאלְסְט גֵיין אִין דִיא גוּטֶע ווֶעגֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט הִיטֶען דִיא שְׁטֶעגֶען פוּן דִיא צַדִיקִים:

21 ווָארִין דִיא רֶעכְטְפַארְטִיגֶע ווֶעלֶען ווָאוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד, אוּנְד דִיא אוֹיפְרִיכְטִיגֶע ווֶעלֶען דַארִין אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען:

22 אָבֶער דִיא רְשָׁעִים ווֶעלֶען פֶערְשְׁנִיטֶען ווֶערֶען פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד דִיא פַאלְשֶׁע ווֶעלֶען דֶערְפוּן אוֹיסְגֶערִיסֶען ווֶערֶען:

## קאפיטעל ג

1 מֵיין זוּהְן, מֵיינֶע תּוֹרָה זָאלְסְט דוּא נִיט פֶערְגֶעסֶען, אוּנְד מֵיינֶע מִצְוֹת זָאל דֵיין הַאַרְץ הִיטֶען:

2 ווָארִין עֶס ווֶעט צוּ דִיר פֶערְמֶעהְרֶען לַאנְגֶע טֶעג אוּנְד יָאהְרֶען פוּן לֶעבֶּען אוּנְד שָׁלוֹם:

3 לָאז דִיךְ חֶסֶד אוּנְד אֶמֶת נִיט פֶערְלָאזֶען, דוּא זָאלְסְט זֵייא אַרוּמְבִּינְדֶען אוֹיף דֵיין הַאלְז, דוּא זָאלְסְט זֵייא שְׁרֵייבֶּען אוֹיף דִיא לוּחוֹת פוּן דֵיין הַאַרְץ:

4 אַזוֹי ווֶעסְט דוּא גֶעפִינֶען חֵן אוּנְד גוּטֶען פֶערְשְׁטַאנְד אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט אוּנְד מֶענְשֶׁען:

5 פֶערְזִיכֶער דִיךְ אוֹיף גָאט מִיט דֵיין גַאנְצֶען הַאַרְץ, אוּנְד לֶעהְן דִיךְ נִיט אָן אוֹיף דֵיין אֵייגֶענֶעם פֶערְשְׁטַאנְד:

6 אִין אַלֶע דֵיינֶע ווֶעגֶען דֶערְקֶען אִיהְם, אוּנְד עֶר ווֶעט רֶעכְטְפֶערְטִיג מַאכֶען דֵיינֶעם ווֶעג:

7 דוּא זָאלְסְט נִיט זַיין אַ חָכָם אִין דֵיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען, הָאבּ מוֹרָא פַאר גָאט אוּנְד קֶעהְר אָפּ פוּן דֶעם בֵּייזֶען:

8 עֶס ווֶעט זַיין אַ הֵיילוּנְג צוּ דֵיין נָאפֶּעל, אוּנְד אַזוֹי ווִיא מַארְךְ צוּ דֵיינֶע בֵּיינֶער:

9 טְהוּא אָן כָּבוֹד צוּ גָאט מִיט דֵיין פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד מִיט דֶעם עֶרְשְׁטֶען פוּן אַלֶע דֵיינֶע תְּבוּאָה:

10 אַזוֹי ווֶעלֶען דֵיינֶע שְׁפֵּייכֶער אָנְגֶעפִילְט ווֶערֶען מִיט זֶעטִיגְקֵייט, אוּנְד



דיינע

דֵיינֶע וויין־קֶעלְטֶער וֶועלֶען זִיךְ שְׁטַארְ־
קֶען:

11 מֵיין זוּהְן, פֶערְאַכְט נִיט דִיא
שְׁטְרוּפוּנְג פוּן גָאט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
נִיט פֶערְאוּמְווִירְדִיגֶען זֵיינֶע שְׁטְרוּפוּנְ־
גֶען:

12 וָוארִין וֶועמֶען גָאט הָאט לִיבּ דֶעם
טְהוּט עֶר שְׁטְרָאפֶען, גְרָאד אַזוֹי וִויא
אַ פָאטֶער דֶעם זוּהְן אִין וֶועלְכֶען עֶר
הָאט אַ וְואוֹילְגֶעפַאלֶען:

13 וְואוֹיל דֶעם מֶענְשׁ וָואס גֶעפִינְט
חָכְמָה, אוּנְד דֶעם מֶענְשׁ וָואס בְּרֶענְגְט
אַרוֹיס פֶערְשְׁטֶענְדִיגְקֵייט:

14 וָוארִין אִיהְרֶע הַאנְדֶעלְשַׁאפְט אִיז
בֶּעסֶער וִויא דֶער הַאנְדֶעל פוּן זִילְבֶּער,
אוּנְד אִיהְר אֵיינְקוּמֶען אִיז בֶּעסֶער
וִויא דָאס פֵיינְסְטֶע גָאלְד:

15 עֶס אִיז טֵייעֶרֶער וִויא פֶּערְלֶען,
אוּנְד אַלֶע דֵיינֶע גְלוּסְטִיגֶע זַאכֶען
קֶענֶען נִיט דֶערְמִיט פֶערגְלִיכֶען וֶוערֶען:

16 לַאנְגֶע טֶעג (יָאהְרֶען) זֶענֶען אִין
אִיהְרֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד אִין אִיהְרֶע
לִינְקֶע הַאנְד זֶענֶען רֵייכְטוּם אוּנְד
כָּבוֹד:

17 אִיהְרֶע וֶועגֶען זֶענֶען זִיסֶע וֶועגֶען,
אוּנְד אַלֶע אִיהְרֶע שְׁטֶעגֶען זֶענֶען
שָׁלוֹם:

18 אַ בּוֹים פוּן לֶעבֶּען אִיז עֶס צוּ
דִיא וָואס הַאלְטֶען זִיךְ פֶעסְט אַן אִיהְר,
אוּנְד דִיא וָואס טְהוּן זִיא אוּנְטֶערְלֶעהְ־
נֶען זֶענֶען גְלִיקְלִיךְ:

19 גָאט הָאט דוּרְךְ זֵיינֶע חָכְמָה
גֶעגְרוּנְדֶעט דִיא עֶרְד, דוּרְךְ זֵיין
פֶערְשְׁטַאנְד הָאט עֶר דִיא הִימֶעלְן
צוּבֶּערֵייטֶעט:

20 דוּרְךְ זֵיינֶע עֶרְקֶענְטְנִים הָאט עֶר
גֶעשְׁפָּאלְטֶען דִיא אָפְּגְרוּנְדֶען, אוּנְד דִיא
הִימֶעלְן טְרִיפֶען אַרוֹפּ טוֹיא:

21 מֵיין זוּהְן, לָאזֶען זֵייא נִיט אָפְּ־
קֶעהְרֶען פוּן דֵיינֶע אוֹיגֶען, הִיט דִיא
לֶעהְרֶע (תּוֹרָה) אוּנְד דִיא גוּטֶע
מַחְשָׁבוֹת:

22 וָוארִין זֵייא וֶועלֶען זֵיין לֶעבֶּען צוּ
דֵיין נֶפֶשׁ, אוּנְד חֵן צוּ דֵיין הַאלְז:

23 דֶענְסְטְמָאל וֶועסְט דוּא גֵיין אִין
זִיכֶערְהֵייט אוֹיף דֵיין וֶועג, אוּנְד דֵיינֶע
פִּיס וֶועלֶען זִיךְ נִיט אָנְשְׁטוֹיסֶען:

24 וֶוען דוּא וֶועסְט דִיךְ אַנִידֶערְלֵייגֶען
וֶועסְט דוּא קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען,
דוּא וֶועסְט דִיךְ אַנִידֶערְלֵייגֶען אוּנְד
דֵיין שְׁלָאף וֶועט זֵיין זִיס:

25 דוּא וֶועסְט נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען
פַאר פְּלוּצְלוּנְגֶע שְׁרֶעק, אוּנְד פַאר דִיא
פֶערְווִיסְטוּנְג פוּן דִיא רְשָׁעִים וֶוען עֶס
קוּמְט אָן:

26 וָוארִין יְהוָֹה וֶועט זֵיין דֵיינֶע
פֶערְזִיכֶערוּנְג, אוּנְד עֶר וֶועט הִיטֶען
דֵיינֶע פִּיס פוּן דֶעם נֶעץ:

27 דוּא זָאלְסְט קֵיין גוּטֶעס נִיט
צוּרִיקְהַאלְטֶען פוּן דֶעם צוּ וֶועמֶען עֶס
גֶעהֶערְט, וֶוען עֶס אִיז אִין דֵיין יְכוֹלֶת
עֶס צוּ טְהוּן:

28 דוּא זָאלְסְט נִיט זָאגֶען צוּ דֵיין
חָבֵר, גֵייא, אוּנְד קוּם צוּרִיק, אוּנְד
מָארְגֶען וֶועל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען, וֶוען
דוּא הָאסְט עֶס בֵּייא דִיר:

29 דוּא זָאלְסְט נִיט טְרַאכְטֶען בֵּייזֶעס
אוֹיף דֵיין חָבֵר–וֵוייל עֶר וְואוֹינְט אִין
זִיכֶערְהֵייט בֵּייא דִיר:

30 דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט קְרִיגֶען מִיט
אַ מֶענְשׁ אוּמְזִיסְט, וֶוען עֶר הָאט דִיר
קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס פֶערְגָאלְטֶען:

31 דוּא זָאלְסְט נִיט מְקַנֵא זֵיין אֵיין
רוֹיבֶּערִישֶׁען מַאן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט



נִיט

ניט אויסדערוויילען אין אַלע זיינע
וועגען :
32 וואָרין דער פֿערקרימטער איז
פֿעראוממווירדיגט ביי גאָט, אָבער מיט
די רעכטפֿאַרטיגע איז זיין סוד :
33 גאָט'ס קללה איז אין דעם הויז
פֿון דעם רשע, אָבער די וואוינונגען
פֿון די צדיקים זענען געבענשט :
34 ווען איינער בעהעפֿט זיך צו די
שפּעטער, אַזוי ווערט ער אויך אַ
שפּעטער, ווען אָבער צו די דעמי־
טיגע, אַזוי געט ער חן :
35 די חכמים וועלען ירשנ'ן כבוד,
אָבער די נאַרונים וועלען אויפֿהייבען
שאַנד :

## קאפיטעל ד

1 הערט, איהר קינדער די שטראָף
פֿון דעם פֿאָטער, אונד פֿערנעמט צו
וויסען פֿערשטענדיגקייט :
2 וואָרין איך געב צו אייך אַ גוטע
לעהרע, מיינע תורה זאָלט איהר ניט
פֿערלאָזען :
3 וואָרין איך בין געוועזען אַ (גער־
ליבטער) זוהן צו מיין פֿאָטער, וויך
אונד איין איינציגער פֿאַר מיינע מוטער :
4 אונד ער האָט מיך געלערנט, אונד
ער האָט צו מיר געזאָגט, לאָז דאָך
מיינע רייד אונטערלעהנען דיין הארץ,
היט מיינע מצות אַזוי וועסט דו
לעבען :
5 קויף דיר חכמה, קויף דיר פֿער־
שטענדיגקייט, אונד פֿערגעס עס ניט,
אונד דו זאָלסט דיך ניט אָפּגייגען
פֿון די ווערטער פֿון מיין מויל :
6 דו זאָלסט זיא ניט פֿערלאָזען,
נייערט דו זאָלסט זיא היטען, ליב
זיא, אַזוי וועט זיא דיך בעהיטען :
7 די הויפּטזאַך איז חכמה, דאַרום
קויף דיר חכמה, אונד אין אַלעם וואָס
דו קויפֿסט קויף דיר פֿערשטענד־
דיגקייט :
8 ווען דו וועסט זיא הויך האַלטען
אַזוי וועט זיא דיך דערהייכען, ווען
דו וועסט זיא האַלזען אַזוי וועט זיא
דיך מכבד זיין :
9 זיא וועט געבען צו דיין קאָפּ אַ
בעהעפֿטונג פֿון חן, זיא וועט דיר
שענקען אַ שיינע קרוין :
10 הער צו מיין זוהן, אונד נעם אָן
מיינע רייד, אונד זיא וועט צו דיר
פֿערמעהרען יאָהרען פֿון לעבען :
11 איך האָב דיך געלערנט אויף
דעם וועג פֿון חכמה, איך האָב דיך
געמאַכט טרעטען אין די אויפֿריכטיגע
שטעגען :
12 ווען דו וועסט גיין אַזוי וועט
דיין טריט ניט ענג זיין, אונד ווען
דו וועסט לויפֿען אַזוי וועסט דו
ניט שטרויכלען :
13 נעם אָן אין די שטראָף אונד
דו זאָלסט זיא ניט פֿערלאָזען, היט
זיא, וואָרין זיא איז דיין לעבען :
14 דו זאָלסט ניט קומען אויף דעם
וועג פֿון די רשעים, אונד דו זאָלסט
ניט (אַמאָל) טרעטען אויף דעם בייזען
וועג :
15 פֿערמייד איהם, דו זאָלסט
איהם ניט איבערפֿאָהרען, האַלט דיך
אָפּ פֿון איהם אונד גייא פֿון איהם אַוועק :
16 דען זייא קענען ניט שלאָפֿען
ווען זייא טהון ניט קיין שלעכטעס,
אונד זייער שלאָף ווערט פֿון זייא
געגזלת ווען זייא טהון ניט מאַכען
שטרויכלען :

17 וָארִין זֵייעֶר בְּרוֹיט אִיז דָאס בְּרוֹיט
פוּן רְשָׁעוּת, אוּנְד זֵייא טְרִינְקֶען דֶעם
וַויין פוּן רוֹיבֶּעֲרֵייא !
18 אָבֶּער דֶער וֶועג פוּן דִיא צַדִיקִים
שֵׁיינְט אַזוֹי וִויא דָאס מָארְגֶענְלִיכְט,
וָואס וֶוערְט לִיכְטִיגֶער אוּנְד לִיכְטִיגֶער
בִּיז צוּם אָנְגֶעבְּרֵייטֶען טָאג :
19 דֶער וֶועג פוּן דִיא רְשָׁעִים אִיז
גְלֵייךְ וִויא אַ פִינְסְטֶערֶער גֶעפֶעל, זֵייא
וַוייסֶען נִיט מִיט וָואס זֵייא שְׁטְרוֹיכֶעלְן :
20 מֵיין זוּהְן פֶּערְנֶעם צוּ מֵיינֶע רֵייד,
אוּנְד נֵייג דֵיינֶע אוֹירֶען צוּ מֵיינֶע רֵייד :
21 לָאזֶען זֵייא נִיט אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען
פוּן דֵיינֶע אוֹיגֶען, גֵייעֶרְט הִיט זֵייא
גוּט אִינְוֶוענִיג פוּן דֵיין הַארְץ :
22 וָארִין זֵייא זֶענֶען לֶעבֶּען צוּ דִיא
וָואס גֶעפִינֶען זֵייא אוּנְד אַ הֵיילוּנְג צוּ
זֵיין גַאנְצֶען לֵייב :
23 מֶעהְר פוּן אַלֶע הִיטוּנְג זָאלְסְט
דוּא הִיטֶען דֵיין הַארְץ, וָארִין דֶערְפוּן
גֵייט אַרוֹיס דָאס לֶעבֶּען :
24 טְהוּא אָפּ פוּן דִיר דִיא פֶּערקְרִימוּנְג
פוּן דֶעם מוֹיל, אוּנְד דֶערְוֵוייטֶער פוּן
דִיר דִיא פֶּערקְרִימְטֶע לִיפֶּען :
25 לָאזֶען דֵיינֶע אוֹיגֶען קוּקֶען אוֹיף
אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט, אוּנְד דֵיינֶע אוֹיגֶענ־
בְּרֶעמֶען זָאלֶען קוּקֶען גְרָאד פַאר דִיר :
26 וֶועג גוּט דֶעם שְׁטֶעג פוּן דֵיינֶע
פִיס, אוּנְד אַלֶע דֵיינֶע וֶועגֶען וֶועלֶען
זֵיין אָנְגֶעבְּרֵייט :
27 נֵייג דִיךְ נִיט אָפּ צוּ דֶער רֶעכְטֶען
זֵייט אָדֶער צוּ דֶער לִינְקֶען, טְהוּא אָפּ
דֵיין פוּס פוּן בֵּייזֶען :

קאפיטעל ה

1 מֵיין זוּהְן פֶּערְנֶעם (אָדֶער הֶער) צוּ
מֵיינֶע חָכְמָה, אוּנְד נֵייג דֵיין אוֹיעֶר
צוּ מֵיין פֶּערשְׁטַאנְד :
2 צוּ הִיטֶען גוּטֶע מַחְשָׁבוֹת, אוּנְד אַז
דֵיינֶע לִיפֶּען זָאלֶען הִיטֶען וִויסֶענְ־
שַׁאפְט :
3 וָארִין זִיסִיגְקֵייט טְהוּט טְרִיפֶען פוּן
דִיא לִיפֶּען פוּן אַ פְרֶעמְדֶען (וַוייבּ),
אוּנְד אִיהְר גוּמֶען אִיז גְלַאטֶער וִויא
אֵייל :
4 אָבֶּער אִיהְר עֶנְד אִיז אַזוֹי בִּיטֶער
וִויא וֶוערְמוּט, אוּנְד אַזוֹי שַׁארְף וִויא אַ
צְוֵוייא שַׁארְפִיגֶעס שְׁוֶוערְד :
5 אִיהְרֶע פִיס נִידֶערְן אַרוּפּ צוּ דֶעם
טוֹיט, אִיהְרֶע שְׁרִיט נֶעמֶען אָן אִין
דֶעם שְׁאוֹל :
6 טָאמֶער וֶועסְט דוּא אָפְּוֶועגֶען דֶעם
וֶועג פוּן לֶעבֶּען, אִיהְרֶע שְׁטֶעגֶען פֶּערְ־
וָואגֶעלְן אוּנְד דוּא וֵוייסְט עֶס נִיט :
7 אוּנְד אַצוּנְד, אִיהְר קִינְדֶער הֶערְט
מִיר צוּ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט אָפְּ־
קֶעהְרֶען פוּן דִיא רֵייד פוּן מֵיין מוֹיל :
8 דֶערְוֵוייטֶער דֵיין וֶועג פוּן אִיהְר,
אוּנְד גֶענֶעהְן דִיךְ יט צוּ דִיא טִיעֶר
פוּן אִיהְר הוֹיז :
9 וָארִין טָאמֶער וֶועסְט דוּא גֶעבֶּען
דֵיינֶע שֵׁיינְקֵייט צוּ אַנְדֶערֶע, אוּנְד
דֵיינֶע יָאהְרֶען צוּ דִיא אוּמְבַּארְמְ־
הֶערְצִיגֶע :
10 טָאמֶער וֶועלֶען זִיךְ פְרֶעמְדֶע אָנְ־
זֶעטִיגֶען מִיט דֵיין כּחַ, אוּנְד דֵיינֶע
בֶּעמִיהוּנְג וֶועט בְּלֵייבֶּען אִין דֶעם הוֹיז
פוּן פְרֶעמְדֶע :
11 אוּנְד אִין דֵיין עֶנְד וֶועסְט דוּא
קְרֶעכְצֶען, וֶוען דֵיין לֵייבּ אוּנְד דֵיין
פְלֵייש וֶועלֶען פֶּערְלֶענְט וֶוערֶען :
12 אוּנְד דוּא וֶועסְט זָאגֶען, אוֹי, וִויא
הָאבּ אִיךְ פֵיינְד גֶעהַאט מוּסָר, אוּנְד
מֵיין הַארְץ הָאט פֶערְוָוארְפֶען שְׁטְרוֹ־
פוּנְגֶען :

13 אוּנד איך האָב ניט צוגעהערט צו
דעם קול פון מײנע לערערס, אוּנד
צוּ מײנע מלמדים האָב איך ניט גע־
נײגט מײן אויער:
14 נאָר אין אַ קלײניגקײט העט איך
געװען אין אַלעם שלעכטען, צװישען
דער פערזאַמלונג אוּנד געמײנדע:
15 טרינק װאַסער פון דײנע אײגענע
ברונען, אוּנד רינענדעס קװאַל װאַסער
פון דײנע ברונען:
16 דײנע קװעלען װעלען זיך פער־
שפּרײטען אויף דײנע גאַסען, אוּנד
אין דיא ברײטע גאַסען טײכען
װאַסער:
17 זײא װעלען זײן פאַר דיר אַלײן,
אוּנד קײן פרעמדער װעט מיט דיר ניט
האָבען אַ חלק:
18 דײנע קװעלען װעלען געבענשט
זײן, אוּנד דוּא װעסט דיך פרײען מיט
דעם װײב פון דײנע יוגענד:
19 לאָז זיא זײן אַזוי װיא אַ געליבטע
אינד װאָס ברענגט אַרויף חן, לאָזען
איהרע בריסטען דיך זעטיגען אַלע
צײט, אין איהרע ליבשאַפט מעגסט
דוּא דיך בעשטענדיג פעראירען:
20 אָבער פאַר װאָס זאָלסט דוּא דיך
פעראירען מיט אַ פרעמדע פרויא,
מײן זוהן? אוּנד אוּמהאַלזען דעם האַלז
פון אַ פרעמדע פרויא?
21 װאָרין בעפאָר דיא אויגען פון
גאָט זענען דיא װעגען פון אַ מענש,
אוּנד אַלע זײנע שטעגען זענען אָפּ־
געװואויגען:
22 זײנע אײגענע זינד בעצװינגען
דעם רשע, אוּנד מיט דיא שטריק פון
זײנע זינד װערט ער פעסטגעהאַלטען:
23 ער װעט שטאַרבען אָהן מוסר,
אוּנד דורך זײנע פילע נאַרישקײט
טהוט ער זיך פעראירען:

קאפּיטעל ו

1 מײן זוהן, װען דוּא ביזט ערב גע־
װעזען פאַר דײן חבר, װען דוּא האָסט
אַרײנגעשטרעקט פאַר אַ פרעמדען
דײנע האַנד:
2 (אָדער) דוּא ביזט געשטרויכעלט
געװאָרען דורך דעם אויסרעדען פון
דײן מויל, אוּנד דוּא ביזט געחאַפּט
געװאָרען דורך דיא אויסזאָג פון דײן
מויל:
3 אַזוי טהו דאָס דאַזיגע מײן זוהן,
אוּנד װער ניצול װען דוּא ביזט אַרײנ־
געקומען אין דיא האַנד פון דײן
חבר, גײא, אוּנד דעמיטיגע דיך, אוּנד
אַזוי מאַך זיכער דײן פרײנד:
4 דוּא זאָלסט ניט געבען שלאָף צוּ
דײנע אויגען, אוּנד דרעמלונג צוּ
דײנע אויגען־ברעמען:
5 זײא דיך מציל אַזוי װיא אַ הערש
פון דער האַנד (פון דעם יעגער),
אוּנד אַזוי װיא אַ פויגעל פון דער
האַנד פון דעם שטרויכעל־נעץ:
6 גײא צוּ דער מילב דוּא פוילער,
אוּנד זעה אָן איהר װעג אוּנד װער
קלוג:
7 װאָרין זיא האַט קײן האַר אוּנד
קײן אויפזעהער אוּנד קײן געװעלטיגער
איז ניט איבער איהר:
8 אוּנד זיא גרײט אָן אין דעם זומער
איהר ברויט, אוּנד זאַמעלט אײן אין
דער שניט צײט איהר שפּײז:
9 ביז װיא לאַנג װעסט דוּא פוילער
ליגען? װען װעסט דוּא אויפשטײן
פון דײן שלאָף?
10 נאָך אַ ביסעל שלאָף אוּנד נאָך

אַ בִּיסֶעל דְרוּמֶעלְן, נָאךְ אַ בִּיסֶעל
צוּזַאמֶען לֵייגֶען דִיא הֶענְד אוֹיף דֶעם
גֶעלֶעגֶער:
11 אוֹיף אַזוֹי אֵיין אוֹפֶן וֶועט דֵיינֶע
אָרֶעמְקֵייט צוּ דִיר אָנְקוּמֶען, אוּנְד
דֵיינֶע מִינֶערוּנְג אַזוֹי וִויא אַ בֶּעט־
ווָאפֶּענְטֶער מַאן:
12 אַ שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ, אֵיין אוּמְגֶע־
רֶעכְטֶער מֶענְשׁ גֵייט אַרוּם מִיט אַ
פֶערקְרִימְט מויל:
13 עֶר וִוינְקְט מִיט זֵיינֶע אוֹיגֶען, עֶר
רֶעט מִיט זֵיינֶע פִּיס, עֶר לֶעהְרְט מִיט
זֵיינֶע פִינְגֶער:
14 עֶר אִיז פֶערְקֶעהְרְט אִין זֵיין הַארְץ,
עֶר טְרַאכְט שְׁלֶעכְטֶעס אַלֶע צֵייט, עֶר
שִׁיקְט אַרוֹיס, (אָדֶער זֵייעט) שְׁטְרֵייט־
טִיגְקֵייט:
15 דַארוּם וֶועט פְּלוּצְלִינְג אָנְקוּמֶען זֵיין
אוּמְגְלִיק, עֶר וֶועט פְּלוּצְלִינְג צוּבְּרָאכֶען
וֶוערֶען אוּנְד עֶר וֶועט נִיט אוֹיסְגֶעהֵיילְט
וֶוערֶען:
16 עֶס זֶענֶען זֶעקְס זַאכֶען וָואס גָאט
הָאט פֵיינְד, אוּנְד זִיבֶּען זֶענֶען אֵיינֶע
אוּמְווִירְדִיגְקֵייט צוּ זֵיין ווִילֶען:
17 הוֹיכְוֶוערְדִיגֶע אוֹיגֶען, אַ פַאלְשֶׁע
צוּנְג, אוּנְד הֶענְד וָואס פֶערְגִיסֶען
אוּמְשׁוּלְדִיגֶעס בְּלוּט:
18 אַ הַארְץ וָואס טְרַאכְט אוֹיס
שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען, פִּיס וָואס לוֹיפֶען
גֶעשְׁווִינְד צוּם שְׁלֶעכְטֶען:
19 אַ פַאלְשֶׁער עֵדוּת וָואס זָאגְט
לִיגֶען, אוּנְד דֶער וָואס שְׁטְרֵייעט אוֹיס
קְרִיג צְווִישֶׁען בְּרִידֶער:
20 מֵיין זוּהְן, הִיט דִיא מִצְוֹת פוּן
דֵיין פָאטֶער, אוּנְד פֶערְלָאז נִיט דִיא
תּוֹרָה פוּן דֵיינֶע מוּטֶער:
21 דוּא זָאלְסְט זֵייא בֶּעשְׁטֶענְדִיג אָנְ־
בִּינְדֶען אוֹיף דֵיין הַארְץ, אֵיינְד בִּינְד
זֵייא אָן אוֹיף דֵיין הַאלְז:
22 וֶוען דוּא וֶועסְט אַרוּמְגֵיין וֶועלֶען
זֵייא דִיךְ פִיהְרֶען, וֶוען דוּא וֶועסְט דִיךְ
לֵייגֶען וֶועלֶען זֵייא דִיךְ בֶּעהִיטֶען,
אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט אוֹיפְוַואכֶען
וֶועלֶען זֵייא מִיט דִיר רֶעדֶען:
23 וָוארִין דִיא מִצְוָה אִיז אַ לָאמְפּ, אוּנְד
דִיא תּוֹרָה אַ לִיכְט, אוּנְד דֶער וֶועג פוּן
לֶעבֶּען אִיז דִיא שְׁטְרָאפוּנְג פוּן מוּסָר:
24 דִיךְ צוּ הִיטֶען פוּן אַ שְׁלֶעכְטֶעס
וֵוייבּ, פוּן דֶער גְלַאטֶען צוּנְג פוּן אַ
פְרֶעמְדֶע פְרוֹיא:
25 דוּא זָאלְסְט נִיט גְלוּסְטֶען נָאךְ
אִיהְרֶע שֵׁיינְהֵייט אִין דֵיין הַארְץ, אוּנְד
לָאז זִיא דִיךְ נִיט אָנְנֶעמֶען מִיט אִיהְרֶע
אוֹיגֶען־בְּרֶעמֶען:
26 וָוארִין דוּרְךְ אֵיינֶע אִשָּׁה זוֹנָה
קוּמְט מֶען בִּיז אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט,
אוּנְד אֵיין אֵשֶׁת אִישׁ יָאגְט נָאךְ אַ
טֵייעֶרֶעס נֶפֶשׁ:
27 קֶען דֶען אַ מֶענְשׁ נֶעמֶען פֵייעֶר
אִין זֵיין שׁוֹיס דָאס זֵיינֶע קְלֵיידֶער
זָאלֶען נִיט פֶערבְּרֶענֶען?
28 אָדֶער קֶען אַ מֶענְשׁ גֵיין אוֹיף
(פֵייעֶרִיגֶע) קוֹילֶען אוּנְד זֵיינֶע פִּיס
זָאלֶען נִיט בְּרֶענֶען?
29 אַזוֹי אִיז דֶער וָואס קוּמְט אַרֵיין
צוּ זֵיין חַבֵר'ס וֵוייבּ, דֶער וָואס רִיהְרְט
זִיא אָן וֶועט נִיט אוּמְשׁוּלְדִיג זֵיין:
30 מֶען פֶערַאכְט נִיט דֶעם גַנָב וֶוען
עֶר גַנְבֶ'ת כְּדֵי זֵיין לֵייבּ צוּ פִּילֶען וֵוייל
עֶר אִיז הוּנְגֶערִיג:
31 אָבֶּער וֶוען עֶר וֶוערְט גֶעפוּנֶען
מוּז עֶר זִיבֶּען דָאפֶּעלְט בֶּעצָאלֶען, עֶר
מוּז גֶעבֶּען דָאס גַאנְצֶע פֶערְמֶעגֶען פוּן
זֵיין הוֹיז:


אבער

32 אָבֶּער דֶער וָואס אִיז מְנַאֵף מִיט
אַ ווייבּ דֶעם פֶּעהְלְט פֶערשְׁטַאנְד,
דֶער וָואס טְהוּט דָאס דֶער פֶערְדַארְבְּט
זִיךְ אַלֵיין :
33 אַ פְּלָאג אוּנְד אַ שַׁאנְד וֶועט עֶר
גֶעפִינֶען, אוּנְד זֵיינֶע שַׁאנְד וֶועט נִיט
אויסְגֶעמֶעקְט וֶוערֶען :
34 וָוארִין קִנְאָה אִיז דֶער צָארְן פוּן
אַ מַאן, אוּנְד עֶר (גָאט) וֶועט זִיךְ נִיט
דֶערְבַּארְמֶען אִין דֶעם טָאג פוּן דֶער
נְקָמָה :
35 עֶר וֶועט קֵיינֶעם'ס אויסְלֵייזוּנְג
נוֹשֵׂא פָּנִים זַיין, אוּנְד עֶר וֶועט עֶס
נִיט אָנְגֶעמֶען חָאטְשֶׁע דוּא גֶעסְט
פִּיל שֹׁחַד :

## קאפיטעל ז

1 מֵיין זוּהְן, הִיט מֵיינֶע רֵייד, אוּנְד
מֵיינֶע מִצְוֹת זָאלְסְט דוּא בֶּעהַאלְטֶען
מִיט דִיר :
2 הִיט מֵיינֶע מִצְוֹת אוּנְד דוּא וֶועסְט
לֶעבֶּען, אוּנְד מֵיינֶע תּוֹרָה אַזוֹי וִויא
דֶעם אַפֶּעל פוּן דֵיינֶע אויגֶען :
3 בִּינְד זֵייא אויף דֵיינֶע פִינְגֶער, אוּנְד
שְׁרֵייבּ זֵייא אויף דִיא טָאבֶעל פוּן דֵיין
הַארְץ :
4 זָאג צוּ דֶער חָכְמָה דוּא בִּיזְט
מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, אוּנְד רוּף דִיא
פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע דֵיינֶע פְרֵיינְדִין :
5 כְּדֵי זֵייא זָאלֶען דִיךְ הִיטֶען פוּן אַ
פְרֶעמְדֶע פְרוֹיא, פוּן אַ פְרֶעמְד ווייבּ
וָואס רֶעט גְלַאטֶע וֶוערְטֶער :
6 וָוארִין דוּרְךְ דֶעם פֶענְסְטֶער פוּן
מֵיין הויז הָאבּ אִיךְ אַרויסְגֶעקוּקְט
דוּרְךְ מֵיין לָאךְ :
7 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער
דִיא נַארִישֶׁע, אוּנְד אִיךְ הָאבּ בֶּעמֶערְקְט
אוּנְטֶער דִיא יוּנְגֶע־לֵייט אַ יוּנְגֶען מַאן
וָואס הָאט קֵיין פֶערשְׁטַאנְד :
8 אִיךְ בִּין פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען אִין
אִיהְר עֶק פוּן דֶער גַאס, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעגַאנְגֶען אויף דֶעם וֶועג צוּ אִיהְר
הויז :
9 עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער פִינְסְטֶער
פַאר נַאכְט, אִין דֶער טוּנְקֶעלְהֵייט אוּנְד
פִינְסְטֶערֶע נַאכְט :
10 אוּנְד זֶעה, אַ ווייבּ אִיז אִיהְם
עַנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען, מִיט אַ (שֶׁענְדְלִיךְ)
הוּרֶענקְלֵייד, אוּנְד אַ הַארְץ מִיט
שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען :
11 זִיא מַאכְט אַ לַארְם, אוּנְד אִיז אָפְּ־
קֶעהְרֶענְדִיג, אִיהְרֶע פִּיס בְּלֵייבֶּען נִיט
אִין אִיהְר הויז :
12 אֵיין מָאל אִיז זִיא דְרויסֶען, אוּנְד
אֵיין מָאל אִיז זִיא אויף דֶער גַאס,
זִיא לוּיעֶרְט בֵּייא אַלֶע עֶקֶען פוּן דֶער
גַאס :
13 אוּנְד זִיא נֶעמְט אִיהְם אָן אוּנְד
קִישְׁט אִיהְם, אוּנְד מִיט אַ הַארְט (עַזּוּת)
פָּנִים זָאגְט זִיא צוּ אִיהְם :
14 אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט קָרְבָּן שְׁלָמִים
בֵּייא מִיר, הֵיינְט הָאבּ אִיךְ בֶּעצָאלְט
מֵיינֶע נְדָרִים :
15 דַארוּם בִּין אִיךְ אַרויסְגֶעגַאנְגֶען
דִיךְ צוּ בֶּעגֶעגְנֶען, דִיךְ פְלֵייסִיג צוּ
זוּכֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעפוּנֶען :
16 אִיךְ הָאבּ מֵיין בֶּעט אויסְגֶעבֶּעט
מִיט שֵׁיין בֶּעט־גֶעוַואנְט, מִיט פֵיינֶע
גֶעשְׁטִיקְטֶע לֵיינְוַואנְד אויס מִצְרַיִם :
17 אִיךְ הָאבּ שְׁמַאקְהַאפְטִיג גֶעמַאכְט
מֵיין גֶעלֶעגֶער מִיט אַלֶערְלֵייא גוּטֶע
בְּשָׂמִים :
18 קוּם מִיר וֶועלֶען זִיךְ זָעטִיגֶען מִיט
לִיבְּשַׁאפְט בִּיז צוּ דֶעם מָארְגֶען, מִיר
וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן מִיט לִיבְּשַׁאפְט :

19 וָוארִין דֶער מַאן אִיז נִיט אִין דֶער
הַיים, עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף אַ
ווַייטֶען וֶועג :
20 עֶר הָאט אִין זַיינֶע הַאנְד מִיט־
גֶענוּמֶען אַ בִּינְדֶעל גֶעלְד, אוּנְד עֶר
וֶועט צוּרִיק אַהֵיים קוּמֶען אִין אַ
בֶּעשְׁטִימְטֶען טָאג :
21 אַזוֹי הָאט זִיא אִיהְם צוּ זִיךְ
גֶענֵייגְט מִיט פִילֶע גְלַאטֶע וֶוערְטֶער,
מִיט אִיהְרֶע גְלַאטֶע לִיפֶּען הָאט זִיא
אִיהְם בֶּעצְווָאוּנְגֶען :
22 עֶר אִיז אִיהְר פְּלוּצְלִינְג נָאכְגֶע־
גַאנְגֶען, אַזוֹי וִויא אַיין אָקְס קוּמְט צוּ
דֶעם שֶׁעכְטֶען, אָדֶער אַזוֹי וִויא אַ נַאר
צוּ דֶער בֶּעשְׁטְרָאפוּנְג :
23 בִּיז אַ פַייל שְׁפַּאלְט זַיינֶע לֶעבֶּער,
אוּנְד אַזוֹי וִויא אַ פוֹיגֶעל אֵיילְט צוּ
פְלִיהֶען אִין אַ גֶעץ אַרַיין, אוּנְד עֶר
ווֵייסְט נִיט אַז דָאס גֵייט אִין זַיין
לֶעבֶּען :
24 אָבֶּער אַצוּנְד מֵיינֶע קִינְדֶער גֶע־
הָארְכְט צוּ מִיר, אוּנְד פֶערְנֶעמְט דִיא
רֵייד פוּן מֵיין מוֹיל :
25 לָאז נִיט דֵיין הַארְץ אָפְּגֶענֵייגְט
זַיין צוּ אִיהְרֶע וֶועגֶען, דוּא זָאלְסְט
דִיךְ נִיט פֶערְאִירֶען אִין אִיהְרֶע שְׁטֶעגֶען :
26 וָוארִין זִיא הָאט דֶערשְׁלָאגֶען פִיל
גֶעפַאלֶענֶע, אוּנְד שְׁטַארְקֶע הָאט זִיא
דֶערשְׁלָאגֶען :
27 אִיהְר הוֹיז אִיז דֶער וֶועג צוּ דֶעם
שְׁאוֹל, וָואס נִידֶערְט אַרוֹפּ צוּ דִיא
קַאמֶערְן פוּן דֶעם טוֹיט :

## קאפיטעל ח

1 טְהוּט נִיט דִיא חָכְמָה רוּפֶען ?
אוּנְד פֶערְשְׁטֶענְדֶענִיס גֶעט אַרוֹיס אִיהְר
אִיהְר קוֹל ?
2 אוֹיף דִיא שְׁפִּיצֶען פוּן דֶער הֵייךְ,
בֵּייא דֶעם וֶועג פוּן דִיא שְׁטֶעגֶען הָאט
זִיא זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט :
3 אַן דֶער זֵייט פוּן דִיא טוֹיעֶרְן, בֵּייא
דֶעם אַיינְגַאנְג פוּן דֶער שְׁטָאט, אִין
דֶעם אַרֵיינְקוּמֶען פוּן דִיא טִירֶען
שְׁרֵייט זִיא :
4 צוּ אֵייךְ, אוֹי אִיהְר מֶענֶער, רוּף
אִיךְ, אוּנְד מֵיין קוֹל אִיז צוּ דִיא
מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער :
5 אוֹי אִיהְר נַארֶען, פֶערשְׁטֵייט
קְלוּגְהֵייט, אוּנְד אִיהְר נַארוּנִים זֵייד פוּן
אַ פֶערְשְׁטֶענְדִיג הַארְץ :
6 הֶערְט, וָוארִין אִיךְ רֶעד חֲשִׁיבֶה
רֵייד, אוּנְד דִיא אוֹיפְמַאכוּנְג פוּן מֵיינֶע
לִיפֶּען זֶענֶען רֶעכְטפַארְטִיג :
7 וָוארִין מֵיין גוּימֶען טְרַאכְט אֶמֶת,
אוּנְד דִיא בֵּייזֶע זַאכֶען זֶענֶע אוּמְ־
וֶוערְדִיגְקֵייט צוּ מֵיינֶע לִיפֶּען :
8 אַלֶע וֶוערְטֶער פוּן מֵיין מוֹיל זֶענֶען
אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, עֶס אִיז נִיט פֶערְ־
הַאנְדֶען אַ פֶערקְרִימְטֶע זַאךְ :
9 זֵייא זֶענֶען אַלֶע גֶערֶעכְט צוּ דֶעם
וָואס פֶערשְׁטֵייט זֵייא, אוּנְד רֶעכְט־
פַארְטִיג צוּ דִיא וָואס גֶעפִינֶען ווִיסֶענְ־
שַׁאפְט :
10 נֶעם אָן מֵיין מוּסָר, אוּנְד נִיט
זִילְבֶּער, אוּנְד ווִיסֶענְשַׁאפְט מֶעהְר ווִיא
פֵיינְגָאלְד :
11 וָוארִין חָכְמָה אִיז בֶּעסֶער ווִיא
פֶּערְלְן, אוּנְד אַלֶעס וָואס מֶען פֶערְ־
לַאנְגְט אִיז נִיט דֶערְמִיט צוּ פֶערְ־
גְלֵייכֶען :
12 אִיךְ, חָכְמָה, וְואוֹין מִיט קְלוּגְהֵייט,
אוּנְד אִיךְ מַאךְ גֶעפִינֶען דִיא ווִיסֶענְ־
שַׁאפְט פוּן גוּטֶע מַחֲשָׁבוֹת :
13 דִיא גָאטֶעס פוּרְכְט אִיז צוּ הַאסֶען
דָאס שְׁלֶעכְטֶע, שְׁטָאלְצְהֵייט אוּנְד

הָאפֶּערְטִיגְקֵייט אוּנְד אַ שְׁלֶעכְטֶען וֶועג,
אוּנְד אַ פֶערְקֶערְט מוֹיל הָאבּ אִיךְ
פֵיינְד:
14 צוּ מִיר גֶעהֶער דִיא עֵצָה אוּנְד
אֶמֶת'ע קְלוּגְהֵייט, אִיךְ בִּין פֶערְשְׁטַאנְד,
אוּנְד בַּייא מִיר אִיז שְׁטַארְקְהֵייט:
15 דוּרְךְ מִיר רֶעגִירֶען מְלָכִים, אוּנְד
דִיא הַארֶען מִשְׁפָּט'ן מִיט גֶערֶעכְ־
טִיגְקֵייט:
16 דוּרְךְ מִיר גֶעוָועלְטִיגֶען פִירְשְׁטֶען,
אוּנְד דִיא הַארֶען, אוֹיךְ אַלֶע שׁוֹפְטִים
פוּן דֶער עֶרְד:
17 אִיךְ לִיבּ דִיא וָואס לִיבֶּען מִיךְ,
אוּנְד דִיא וָואס זוּכֶען מִיךְ אִין דֶער
פְרִיה וֶועלֶען מִיךְ גֶעפִינֶען:
18 רֵייכְטוּם אוּנְד כָּבוֹד אִיז בַּייא
מִיר, אַ שְׁטַארְקֶער רֵייכְטוּם אוּנְד
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט:
19 מֵיינֶע פְרוּכְט אִיז בֶּעסֶער וִויא
פֵיינְגָאלְד, יוֹא וִויא דָאס פֵיינְסְטֶע
גָאלְד, אוּנְד מֵיין אֵיינְקוּמֶען מֶעהְר
וִויא דָאס אוֹיסְדֶערְוֶוילְטֶע זִילְבֶּער:
20 אִיךְ גֵייא אוֹיף דֶעם גֶערֶעכְטֶען
וֶועג, אִין דֶער מִיטֶען פוּן דִיא שְׁטֶעגֶען
פוּן מִשְׁפָּט:
21 כְּדֵי יַרְשְׁנְ'ן צוּ מַאכֶען מֵיינֶע לִיבְּ־
הָאבֶּערְס דָאס וָואס אִיז פֶערְהַאנְדֶען,
אוּנְד אָנְצוּפִילֶען זֵייעֶרֶע אוֹצְרוֹת:
22 גָאט הָאט מִיךְ גֶעהַאט אִין דֶעם
אָנְהֵייבּ פוּן זֵיינֶע וֶועגֶען, אֵיידֶער עֶר
הָאט זֵייא בֶּעשַׁאפֶען:
23 פוּן אֵייבִּיג אָן בִּין אִיךְ אָנְגֶעשְׁטֶעלְט
גֶעוֶועזֶען, פוּן אָנְפַאנְג אָן אֵיידֶער דִיא
עֶרְד אִיז גֶעוֶועזֶען:
24 וֶוען דִיא אָפְּגְרוּנְדֶען זֶענֶען נָאךְ
נִיט גֶעוֶועזֶען, בִּין אִיךְ שׁוֹין בֶּעשַׁאפֶען
גֶעוָוארֶען, וֶוען עָס זֶענֶען נָאךְ נִיט
גֶעוֶועזֶען קְוָועלֶען מִיט שְׁוֶוערֶע וַואסֶערְן:
25 אֵיידֶער דִיא בֶּערְג זֶענֶען אֵיינְ־
גֶעזוּנְקֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד אֵיידֶער דִיא
הִייךְ זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בִּין אִיךְ שׁוֹין
בֶּעשַׁאפֶען גֶעוֶועזֶען:
26 אֵיידֶער עֶר הָאט נָאךְ דִיא עֶרְד
גֶעמַאכְט, אָדֶער דִיא פֶעלְדֶער, אָדֶער
דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁטוֹיבּ פוּן דֶער וֶועלְט:
27 וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט דֶעם
הִימֶעל, אַזוֹי בִּין אִיךְ דָארְט גֶעוֶועזֶען,
וֶוען עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַ צִירְקֶעל
אוֹיף דֶעם אָפְּגְרוּנְד:
28 וֶוען עֶר הָאט דִיא וָואלְקֶען בֶּע־
פֶעסְטִיגְט פוּן אוֹיבֶּען, וֶוען עֶר הָאט
שְׁטַארְק גֶעמַאכְט דִיא קְוַואלֶען פוּן דִיא
טִיפֶענִים:
29 וֶוען עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַ גֶעזֶעץ
צוּ דֶעם יַם, כְּדֵי דִיא וַואסֶערְן זָאלֶען
נִיט עוֹבֵר זֵיין זֵיין בֶּעפֶעהְל, וֶוען עֶר
הָאט בֶּעשְׁטִימְט דִיא גְרוּנְדְפֶעסְט פוּן
דֶער עֶרְד:
30 דֶענְסְמָאל בִּין אִיךְ גֶעוֶועזֶען בַּייא
אִיהְם אַזוֹי וִויא אֵיינֶער וָואס אִיז מִיט
אִיהְם אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד
אִיךְ בִּין טֶעגְלִיךְ גֶעוֶועזֶען זֵיינֶע לוּסְט,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעפְרֵייט פַאר
אִיהְם אַלֶע צֵייט:
31 אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעפְרֵייט אִין זֵיינֶע
בֶּעוָואוֹינְטֶע וֶועלְט, אוּנְד מֵיינֶע פְרֵייד
אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער:
32 אוּנְד אַצוּנְד, מֵיינֶע קִינְדֶער, הֶערְט
מִיךְ צוּ, וָוארִין גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא
וָואס הִיטֶען מֵיינֶע וֶועגֶען:
33 הֶערְט צוּ מוּסָר, אוּנְד זֵייד קְלוּג,
אוּנְד פֶערְשְׁטֶערְט זִיא נִיט:
34 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער מֶענְשׁ וָואס
גֶעהָארְכְט מִיר, וָואס וַואכְט בַּייא

מײנע טיִער אַלע טאָג, װאָס טהוט היטען (װאַכען) בײא דיא מזוזות פון מײנע טיִערען:
35 װאָרין דער װאָס געפינט מיך געפינט לעבען, אונד װעט האָבען װאױלגעפאַלען פון גאָט:
36 אָבער דער װאָס זינדיגט קעגען מיר, דער טהוט זיך אַלײן רויבען, אַלע װאָס האַסען מיך ליבען דעם טױט:

קאפיטעל ט

1 דיא חכמה האָט געבױעט איהר הויז, זיא האָט אױסגעהאַקט איהרע זיבען זײלען:
2 זיא האָט געשאָכטען איהרע שעכטונג, זיא האָט געמישט איהר װײן, יאָ, זיא האָט אָנגעגרײט איהר טיש:
3 זיא האָט אַרױסגעשיקט איהרע מײדען, זיא האָט אױסגערופען אױף דיא העכסטע זײטען פון דער שטאָט:
4 װער עס איז אײנפאַך דער זאָל זיך דאָ אַהער אָפּקערען, אונד צו דעם װאָס האָט קײן פערשטאַנד זאָגט זיא:
5 קומט, עסט פון מײן ברױט, אונד טרינקט פון דעם װײן װאָס איך האָב געמישט:
6 אױ איהר נאַרען פערלאָזט דעם נאַרישען װעג אַזױ װעט איהר לעבען, אונד טרעט אױף דעם װעג פון פערשטענדניס:
7 דער װאָס זאָגט מוסר צו אַ שפּעטער דער נעמט צו זיך שאַנד, אָבער דער װאָס שטראָפט אַ רשע דאָס װעט זײן זײן אײגענער פעהלער:
8 דוא זאָלסט ניט שטראָפען אַ שפּעטער, װאָרין טאָמער װעט ער דיך פײנד האָבען, שטראָף אַ חכם אַזױ װעט ער דיך ליב האָבען:
9 גיב (לערהע) צו אַ חכם, אונד ער װעט נאָך קליגער װערען, בעלעהר אַ צדיק אַזױ װעט ער נאָך מעהר לערנען:
10 דער אָנהײב פון חכמה איז דיא פאָרכט פאַר גאָט, אונד דיא װיסענשאַפט פון דיא הײליגע איז פערשטענדיגקײט:
11 װאָרין דורך מיר װעלען פערמעהרט װערען דײנע טעג, אונד דיא יאָהרען פון דעם לעבען װעלען צו דיר פערמעהרט װערען:
12 װען דוא ביזט קלוג אַזױ ביזט דוא פאַר דיר אַלײן קלוג, אָבער װען דוא ביזט אַ שפּעטער אַזױ װעסט דוא עס אַלײן דערטראָגען:
13 אַ נאַרישע פרױ מאַכט אַ לאַרעם, זיא איז נאַריש אונד זיא װײס ניט פאַר װאָס:
14 װאָרין זיא זעצט זיך אַנידער פאַר דער טיִער פון איהר הויז, אױף אַ שטול אין דיא הױכע ערטער פון דער שטאָט:
15 צו רופען דיא װאָס גײען פאַרבײא אױף זײער גראַדען װעג:
16 דער װאָס איז אַ נאַר זאָל דאָ אַהער אָפּקערען, אונד צו דעם אונפערשטענדיגען זאָגט זיא:
17 גענבֿת װאַסער איז זיס, אונד ברױט װאָס מען עסט אים פערבאָרגענעם איז אױך זיס:
18 אונד ער װײסט ניט אַז דיא טױטע זענען דאָרטען, אונד איהרע אײנגעלאַדענע (געסט) זענען אין דעם טיפען שאול:

קאפיטעל י

1 דִיא מְשָׁלִים פוּן שְׁלֹמֹה—אֵיין
קְלוּגֶער זוּהְן דֶערפְרֵייט דֶעם פָאטֶער,
אָבֶּער אַ נַארִישֶׁער זוּהְן אִיז אַ טְרוֹי־
רִיגְקֵייט צוּ זַיינֶע מוּטֶער:
2 דִיא אוֹצְרוֹת פוּן רְשָׁעוֹת הֶעלְפֶען
נָארְנִיט, אָבֶּער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז
מַצִיל פוּן דֶעם טוֹיט:
3 גָאט וֶועט נִיט לָאזֶען הוּנְגֶערְן דָאס
נֶפֶשׁ פוּן דֶעם צַדִיק, אָבֶּער דָאס
אוּמְרֶעכְטֶע פוּן דִיא רְשָׁעִים פֶער־
שְׁטוֹיסְט זַייא:
4 דֶער וָואס אַרְבֵּייט מִיט אַ פַאלְשֶׁע
הַאנְד וֶוערְט אָרֶעם, אָבֶּער דִיא הַאנְד
פוּן דֶעם פְלֵייסִיגֶען מַאכְט רֵייךְ:
5 דֶער וָואס זַאמֶעלְט אֵיין אִין דֶעם
זוּמֶער אִיז אַ פֶערשְׁטֶענְדִיגֶער זוּהְן,
אָבֶּער דֶער וָואס שְׁלָאפְט אִין דֶער
שְׁנִיטצֵייט אִיז אַ פֶערְשֶׁעהְמֶטֶער זוּהְן:
6 בְּרָכוֹת בֶּעדֶעקֶען דֶעם קָאפּ פוּן
דֶעם צַדִיק אָבֶּער דָאס מוֹיל פוּן דִיא
רְשָׁעִים דֶעקְט צוּ רוֹיבֶּערֵייא:
7 דָאס גֶעדֶעכְטֶענִיס פוּן דֶעם צַדִיק
אִיז צוּ בֶּענְשׁוּנְג, אָבֶּער דֶער נָאמֶען
פוּן דִיא רְשָׁעִים וֶוערְט פֶערְלוֹירֶען:
8 אַ קְלוּגְהֶערְצִיגֶער נֶעמְט אָן מִצְוֹת,
אָבֶּער דֶער נַאר מַאכְט מִיד זַיינֶע
לִיפֶּען:
9 וֶוער עֶס גֵייט אִין אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט
דֶער גֵייט אִין זִיכֶערְהֵייט, אָבֶּער דֶער
וָואס פֶערקְרִימְט זַיינֶע וֶועגֶען דֶעם
דֶערְקֶענְט מֶען:
10 וֶוער עֶס וִוינְקְט מִיט דִיא אוֹיגֶען
מַאכְט טְרוֹירִיגְקֵייט, אָבֶּער דֶער נַאר
מַאכְט מִיד זַיינֶע לִיפֶּען:
11 דָאס מוֹיל פוּן דֶעם צַדִיק אִיז אַ
קְוָואל פוּן לֶעבֶּען, אָבֶּער דָאס מוֹיל
פוּן דִיא רְשָׁעִים דֶעקְט צוּ רוֹיבֶּערֵייא:
12 פֵיינְדְשַׁאפְט דֶערְוֶועקְט קְרִיג,
אָבֶּער אַלֶע פְּשָׁעִים דֶעקְט דִיא לִיבֶּע
צוּ:
13 אִין דִיא לִיפֶּען פוּן דִיא פֶער־
שְׁטֶענְדִיגֶע וֶועסְט דוּא גֶעפִינֶען חָכְמָה,
אָבֶּער אַ רוּט אִיז צוּ דֶעם רִיקֶען פוּן
דֶעם אוּנְפֶערשְׁטֶענְדִיגֶען:
14 דִיא חֲכָמִים בֶּעהַאלְטֶען וִויסֶענ־
שַׁאפְט, אָבֶּער דָאס מוֹיל פוּן דֶעם נַאר
אִיז נָאהֶענְט פוּן צוּשְׁטֶערוּנְג:
15 דָאס פֶערְמֶעגֶען פוּן דֶעם רֵייכֶען
אִיז אִין זַיינֶע פֶעסְטֶע שְׁטָאט, דִיא
צוּבְּרֶעכוּנְג פוּן דִיא אָרֶעמֶע אִיז זַייעֶרֶע
אָרֶעמְקֵייט:
16 דִיא אַרְבֵּייט פוּן דֶעם צַדִיק אִיז
צוּ דֶעם לֶעבֶּען, אָבֶּער דִיא פְּרוּכְט
פוּן דִיא רְשָׁעִים אִיז צוּ זִינְדֶע:
17 דֶער וֶועג צוּ דֶעם לֶעבֶּען אִיז צוּ
הִיטֶען מוּסָר, אָבֶּער דֶער וָואס פֶער־
לָאזְט שְׁטְרָאף פֶערְאִירְט זִיךְ:
18 דֶער וָואס דֶעקְט צוּ פֵיינְדְשַׁאפְט
הָאט פַאלְשֶׁע לִיפֶּען, אוּנְד דֶער וָואס
בְּרֶענְגְט אַרוֹיס בּוֹלְבּוֹלִים אִיז אַ נַאר:
19 דוּרְךְ פִילֶע וֶוערְטֶער פֶעהְלְט נִיט
דִיא זִינְד, אָבֶּער דֶער וָואס הַאלְט
צוּרִיק זַיינֶע לִיפֶּען אִיז קְלוּג:
20 דִיא צוּנְג פוּן דֶעם צַדִיק אִיז אַזוֹי
וִויא אוֹיסְדֶערְוֶוועלְטֶעם זִילְבֶּער, אָבֶּער
דָאס הַארְץ פוּן דִיא רְשָׁעִים אִיז וִויא
גָאר נִיט:
21 דִיא לִיפֶּען פוּן דֶעם צַדִיק וֶועטִיגֶען
פִילֶע, אָבֶּער דִיא נַארוֹנִים שְׁטַארְבֶּען
וַוייל זַייא הָאבֶּען קֵיין פֶערשְׁטַאנְד:
22 דִיא בְּרָכָה פוּן גָאט מַאכְט רֵייךְ,
אוּנְד עֶר טְהוּט קֵיינֶע טְרוֹירִיגְקֵייט
דֶערְצוּ:

23 עֶס אִיז צוּ דֶעם נַאר אַ לוּסְטִיגְ־
קֵייט צוּ טְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס (אָדֶער צוּ
הָאבֶּען שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען), אָבֶּער צוּ
אַ פֶערשְׁטֶענְדִיגֶען מַאן אִיז עֶס אַ
חָכְמָה :
24 דִיא פוּרְכְט פוּן דֶעם רָשָׁע וֶועט
צוּ אִיהְם אָנְקוּמֶען, אָבֶּער דָאס וָואס
דִיא צַדִיקִים גְלוּסְטֶען וֶועט גֶעגֶעבֶּען
וֶוערֶען :
25 אַזוֹי וִויא דֶער שְׁטוּרְמְווִינְד גֵייט
פַארְאִיבֶּער אַזוֹי אִיז דֶער רָשָׁע נִיט
מֶעהְר, אָבֶּער דֶער צַדִיק אִיז אוֹיף
אֵייבִּיג גֶעגְרִינְדֶעט :
26 אַזוֹי וִויא עֶסִיג אִיז צוּ דִיא צֵיין,
אוּנְד אַזוֹי וִויא רוֹיךְ צוּ דִיא אוֹיגֶען,
אַזוֹי אִיז דֶער פוֹילֶער צוּ דִיא וָואס
הָאבֶּען אִיהְם גֶעשִׁיקְט :
27 דִיא פָארְכְט פוּן גָאט פֶערְמֶעהְרְט
דִיא טֶעג, אָבֶּער דִיא יָאהְרֶען פוּן דִיא
רְשָׁעִים וֶועלֶען פֶערְקֶערְצְט וֶוערֶען :
28 דִיא הָאפְנוּנְג פוּן דִיא צַדִיקִים אִיז
אַ פְרֵייד, אָבֶּער דִיא הָאפְנוּנְג פוּן דִיא
רְשָׁעִים וֶועט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען :
29 דֶער וֶועג פוּן גָאט אִיז אַ שְׁטַארְקְ־
הֵייט צוּ דֶעם אוֹיפְרִיכְטִיגֶען, אָבֶּער אַ
שְׁרֶעק צוּ דִיא וָואס טְהוּן אוּמְגֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט :
30 דֶער צַדִיק וֶועט זִיךְ קֵיינְמָאל נִיט
אוֹיסגְלִיטְשֶׁען, אוּנְד דִיא רְשָׁעִים וֶועלֶען
נִיט בֶּעוְואוֹינֶען דָאס לַאנְד :
31 דָאס מוֹיל פוּן דֶעם צַדִיק בְּרֶענְגְט
אַרוֹיס חָכְמָה, אָבֶּער דִיא צוּנְג פוּן
דִיא פֶערְקֶעהְרְטֶע וֶועט פֶערשְׁנִיטֶען
וֶוערֶען :
32 דִיא לִיפֶּען פוּן דֶעם צַדִיק ווייסֶען
וָואס אִיז וואוילְגֶעפַאלֶען, אָבֶּער דָאס
מוֹיל פוּן דִיא רְשָׁעִים רֶעט פֶערְ־
קֶעהְרְטֶע רֵייד :

## קאפּיטעל יא

1 פַאלְשֶׁע וָואגְשָׁאלֶען זֶענֶען אֵיינֶע
אוּמְווירְדִיגְקֵייט צוּ גָאט, אָבֶּער גַאנְצֶע
גֶעווִיכְט־שְׁטֵיינֶער זֶענֶען זֵיין וְואוילְגֶע־
פַאלֶען :
2 וֶוען דֶער מוּטְווילִיגֶער קוּמְט אַזוֹי
קוּמְט שַׁאנְד, אָבֶּער מִיט דִיא דֶעמִיטִיגֶע
אִיז חָכְמָה :
3 דִיא גַאנְצְקֵייט פוּן דִיא אוֹיפְרִיכְטִיגֶע
לֵייט דָאס פִיהְרְט זֵייא, אָבֶּער דִיא
פֶערקְרִימְטְהֵייט פוּן דִיא פַאלְשֶׁע וֶועט
זֵייא פֶערְטִילְגֶען :
4 רֵייכְטְהוּם הֶעלְפְט גָאר נִיט אִין
דֶעם טָאג פוּן דֶעם צָארְן, אָבֶּער גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט אִיז מַצִיל פוּן דֶעם טוֹיט :
5 דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם פְרוּמֶען
מַאן מַאכְט רֶעכְטפַארְטִיג זֵיין וֶועג,
אָבֶּער דֶער רָשָׁע פַאלְט אִין זֵיין רִשְׁעוּת :
6 דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דִיא אוֹיפְ־
רִיכְטִיגֶע טְהוּט זֵייא מַצִיל זֵיין, אָבֶּער
דִיא פַאלְשֶׁע וֶוערֶען בֶּעצְוואוּנְגֶען אִין
זֵייעֶר אֵייגֶען אוּמְרֶעכְט :
7 וֶוען דֶער רָשָׁע שְׁטַארְבְּט אַזוֹי
וֶוערְט זֵיינֶע הָאפְנוּנְג פֶערְלוֹירֶען, אוּנְד
דִיא הָאפְנוּנְג פוּן זֵיינֶע קִינְדֶער וֶוערְט
אוֹיךְ פֶערְלוֹירֶען :
8 דֶער צַדִיק וֶוערְט בֶּעפְרֵייט פוּן זֵיינֶע
צָרָה, אוּנְד דֶער רָשָׁע קוּמְט אִין זֵיינֶער
שְׁטֶעל :
9 דֶער חָנֵף פֶערְדַארְבְּט זֵיין חַבֵר
דוּרְךְ זֵיין מוֹיל, אָבֶּער דִיא צַדִיקִים
וֶוערֶען נִיצוֹל דוּרְךְ זֵייעֶר וִויסֶענְשַׁאפְט :
10 וֶוען עֶס גֵייט גוּט צוּ דִיא צַדִיקִים
טְהוּט זִיךְ דִיא שְׁטָאט פְרֵייעֶן, אוּנְד
וֶוען דִיא רְשָׁעִים וֶוערֶען פֶערְלוֹירֶען
אַזוֹי זִינְגְט מֶען :



דוּרְךְ

11 דורך דיא בְּרָכָה פון דיא אויפְ־
ריכְטיגֶע װערְט דיא שְׁטָאט דערְהויבֶּען,
אָבֶּער דורך דעם מויל פון דיא
רְשָׁעִים װערְט זיא אָפְּגעבְּרָאכֶען:
12 דער װאס איז זיין חַבֵר מְבַזֶה
האט קיין פֶערְשְׁטַאנְד, אָבֶּער אַ
פֶערשְׁטֶענְדיגֶער מַאן שְׁװייגְט שְׁטיל:
13 דער װאס גייט אַרום אונד זאגְט
רְכִילוּת דער ענְטפְּלעקְט דעם סוד,
אָבער דער װאס האט אַ געטְרייא
געמיט דעקְט צו דיא זאך:
14 אַװאו עס איז קיין עֵצָה פערְ־
האנְדען דא פַאלְט דאס פָאלְק, אָבער
אין פיל עֵצוֹת איז זיכערְהייט:
15 עס װעט דעם זעהר שְׁלעכְט זיין
װאס איז עָרֵב פַאר אַ פְרעמְדען, אָבער
דער װאס האט פֵיינְד צו געבען
תְּקִיעַת כַּף איז זיכער:
16 אַ װייב װאס האט חֵן לעהְנְט
אונְטער כָּבוֹד, אונד דיא שְׁטארְקֶע
מענְשען אונְטערְהאלְטען רייכְטוּם:
17 אַ בַּארְמְהערְצִיגער מענְש טְהוּט
זיך אַליין גוּט, אָבער דער אוּמ־
בַּארְמְהערְצִיגער מענְש בְּערוֹיבְּט זיך
אַליין:
18 דער רָשָׁע װערְקְט פַאלְשְׁהייט,
אָבער דער װאס זייעט גערעכְטיגְקייט,
װעט האבען איין אֶמֶת'ן שְׂכַר:
19 אַזוי װיא גערעכְטיגְקייט איז צום
לעבען, אַזוי איז דאס שְׁלעכְטע װאס
איינער זָאגְט נאך צו זיין טויט:
20 דיא װאס האבען פערקְרימְטע
הערְצער זענען איינֶע אוּמְװערְדיגְקייט
צו גאט, אָבער דיא װאס זענען אויפְ־
ריכְטיג אין דעם װעג װעלען זייא
זיין װאוילְגעפאלען:
21 חאטְשֶׁע דיא שְׁלעכְטע געבען זיך
דיא האנְד אַזוי װעלען זייא דאך ניט
אוּמְשוּלְדיג זיין, אָבער דיא קינדער
פון דיא צַדִיקִים װעלען ענְטְרינען:
22 אַזוי װיא אַ גָאלְדענער נָאזְרינג איז
אין דיא נָאז פון אַ חֲזִיר, אַזוי איז אַ
שֵׁיינֶע פְרויא מיט אָפְּגעקעהְרְטע גע־
דאנְקען:
23 דיא גְלוּסְטִיגְקייט פון דיא צַדִיקִים
איז נור גוּטעס, אָבער דיא האפְנוּנְג
פון דיא רְשָׁעִים איז צָארְן:
24 עס איז פערְהאנְדען דער װאס
פערשְׁפְּרייט, אונד עס װערְט דאך נאך
פערְמעהְרְט, אָבער דער װאס האלְט
צוּריק מעהְר װאס איז רעכְטפַארְטיג,
אונד דאס פִיהְרְט נור צו אָרעמְקייט:
25 דאס נֶפֶשׁ װאס איז געבענְשְׁט
װעט פעט װערען, אונד דער װאס
זעטיגְט אַן אַנְדערע דער װערְט אַליין
אויך זאט:
26 דער װאס האלְט צוּריק קָארְן
דעם טְהוּט דאס פָאלְק שֶׁעלְטען, אָבער
אַ בְּרָכָה קוּמְט אויף דעם קָאפּ פון
דעם װאס פערְקויפְט עס:
27 דער װאס פָארְשְׁט אויס דאס
גוּטע דער בֶּעגעהְרְט װאוילְגעפאלען,
אָבער דער װאס פָארְשְׁט שְׁלעכְטעס
דאס װעט אויך צו איהם קוּמען:
28 דער װאס פערְטְרויעט אויף זיין
רייכְטוּם דער װעט פאלען, אָבער דיא
צַדִיקִים װעלען בְּליהען אַזוי װיא אַ
בְּלאט (פון אַ בוים):
29 דער װאס בעטְרִיבְּט זיין הויז װעט
יַרְשְׁנ'ן דעם װינְד, אונד דער נַאר װעט
זיין אַ קְנעכְט צו דעם קְלוּגְהערְצִיגען:
30 דיא פְרוּכְט פון דעם צַדִיק איז אַ
בוים פון לעבען, אונד דער װאס גע־
װינְט נְפָשׁוֹת איז אַ חָכָם:

31 װָעה, דֶעם צַדִיק װֶערְט שױן בֶּעצָאלְט אױף דֶער עֶרְד, מִכָּל שֶׁכֵּן דֶעם רָשָׁע אוּנְד דֶעם זִינְדֶער׃

קאפיטעל יב

1 דֶער װָאס לִיבְּט מוּסָר דֶער לִיבְּט װִיסֶענְשַׁאפְט, אָבֶּער דֶער װָאס הָאט פֵּיינְד שְׁטְרָאף אִיז אַ נַאר׃

2 דֶער גוּטֶער (מֶענְשׁ) הָאט װָאױלְגֶעפַאלֶען פוּן גָאט, אָבֶּער דֶער מֶענְשׁ װָאס טְרַאכְט שְׁלֶעכְטֶעס װֶערְט פֶּערְשוּלְדִיגְט׃

3 אַ מֶענְשׁ קֶען נִיט פֶּעסְט בֶּעשְׁטֵיין דוּרְךְ רִשְׁעוּת, אָבֶּער דֶער שׁוֹרֶשׁ פוּן דִיא צַדִיקִים זָאל נִיט אױסְגֶעגְלִיטְשְׁט װֶערֶען׃

4 אַ פְרוּמֶע פְרױא אִיז אַ קְרױן צוּ אִיהְר מַאן, אָבֶּער דִיא װָאס אִיז אױסְפֶּערְשֶׁעמְט אִיז אַזױ װִיא אַ פֶּערְפױלוּנְג צוּ זֵיינֶע בֵּיינֶער׃

5 דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן דִיא צַדִיקִים זֶענֶען רֶעכְט, אָבֶּער דָאס טְרַאכְטֶען פוּן דִיא רְשָׁעִים זֶענֶען פַאלְשׁ׃

6 דִיא רֵייד פוּן דִיא רְשָׁעִים זֶענֶען צוּ לױעֶרְן אױף בְּלוּט, אָבֶּער דָאס מױל פוּן דִיא אױפְרִיכְטִיגֶע טְהוּט זֵייא מַצִיל זֵיין׃

7 דִיא רְשָׁעִים װֶעלֶען װֶערֶען אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען נִיט מֶעהְר דָא; אָבֶּער דָאס הױז פוּן דִיא צַדִיקִים װֶעט בֶּעשְׁטֵיין׃

8 אֵיין מַאן װֶערְט גֶעלױבְּט נָאךְ זֵיין שֵׂכֶל נָאךְ, אָבֶּער דֶער װָאס הָאט אַ פֶּערְװִיאַגֶעלְט הַארְץ װֶעט זֵיין צוּ שַׁאנְד׃

9 עֶס אִיז בֶּעסֶער פֶּערְאַכְטֶעט צוּ זֵיין אוּנְד אַ קְנֶעכְט צוּ הָאבֶּען אַלְס זִיךְ אַלֵיין בְּכָבוֹד צוּ הַאלְטֶען אוּנְד עֶס פֶּעהְלְט אִיהְם בְּרױט׃

10 דֶער צַדִיק װֵייס װָאס זֵיינֶע בְּהֵמָה בְּרױכְט, אָבֶּער דָאס רַחְמָנוּת פוּן דִיא רְשָׁעִים אִיז נִיט קֵיינֶע בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט׃

11 דֶער װָאס בֶּעאַרְבֵּייט זֵיין פֶעלְד װֶעט מִיט בְּרױט גֶעזֶעטִיגְט װֶערֶען, אָבֶּער דֶער װָאס יָאגְט נָאךְ לֵיידִיגְקֵייט הָאט קֵיין פֶּערְשְׁטַאנְד׃

12 דֶעם רָשָׁע גְלוּסְט דָאס נֶעץ פוּן שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען, אָבֶּער דִיא װָארְצֶעל פוּן דִיא צַדִיקִים גֶעבֶּען (גוּטֶע פֵּירוֹת)׃

13 דוּרְךְ דִיא זִינְד מִיט דִיא לִיפֶּען װֶערְט דֶער שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ גֶעשְׁטְרױכֶעלְט, אָבֶּער דֶער צַדִיק װֶעט אַרױסְקוּמֶען פוּן דֶער צָרָה׃

14 פוּן דִיא פֵּירוֹת פוּן דֶעם מֶענְשֶׁענְ'ס מױל זֶעטִיגְט עֶר זִיךְ אָן מִיט גוּטֶעס, אוּנְד דִיא בֶּעצָאלוּנְג פוּן דֶעם מֶענְשֶׁענְ'ס הֶענְד װֶערְט אִיהְם צוּרִיקְגֶעגֶעבֶּען׃

15 דֶער װֶעג פוּן אַ נַאר אִיז רֶעכְט אִין זֵיינֶע אֵייגֶענֶע אױגֶען, אָבֶּער דֶער װָאס הֶערְט צוּ אֵיין עֵצָה אִיז אַ חָכָם׃

16 דֶער נַאר װֶערְט בֶּעקַאנְט אִין דֶעם טָאג פוּן זֵיינֶעם צָארְן, אָבֶּער אַ קְלוּגֶער מֶענְשׁ דֶעקְט צוּ דִיא שַׁאנְד׃

17 דֶער װָאס רֶעט אֶמֶת װֵייזְט אָן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אָבֶּער דֶער װָאס רֶעט לִיגֶען אִיז אַ פַאלְשֶׁער עֵדוּת׃

18 עֶס אִיז פַארְהַאנְדֶען אֵיינֶער װָאס רֶעט אױס רֵייד אַזױ װִיא אַ שְׁטָאךְ פוּן אַ שְׁװֶערְד, אָבֶּער דִיא צוּנְג פוּן דִיא חֲכָמִים אִיז אֵיינֶע הֵיילוּנְג׃

19 דִיא אֶמֶתְ'ע רֵייד װֶעלֶען בֶּעשְׁטֵיין אױף אֵייבִּיג, אָבֶּער אַ פַאלְשֶׁע צוּנְג אִיז נָאר פַאר אֵיין אױגֶענְבְּלִיק׃

20 בֶּעטְרִיגֶערַייא אִיז אִין דֶעם הַארְץ פוּן דִיא וָואס טְרַאכְטֶען שְׁלֶעכְטֶעס, אָבֶּער דִיא וָואס רָאטֶען שָׁלוֹם הָאבֶּען אַ שִׂמְחָה׃
21 צוּ דֶעם צַדִּיק וֶועט קֵיין שׁוּם אוּמְרֶעכְט אָנְטְרֶעפֶען, אָבֶּער דִיא רְשָׁעִים זֶענֶען פוּל מִיט בֵּייז׃
22 פַאלְשֶׁע לִיפֶּען זֶענֶען אַיינֶע אוּמְ־ווִירְדִיגְקֵייט צוּ גָאט, אָבֶּער דִיא וָואס טְהוּן טְרֵייהֵייט הָאבֶּען זֵיין וואוילְגֶע־פַאלֶען׃
23 אַ קְלוּגֶער מֶענְשׁ דֶעקְט צוּ ווִיסֶענְשַׁאפְט, אָבֶּער דָאס הַארְץ פוּן דִיא נַארִישֶׁע רוּפְט אוֹיס נַארִישְׁקֵייט׃
24 דִיא הַאנְד פוּן דִיא פְלֵייסִיגֶע וֶועט גֶעוֶועלְטִיגֶען, אָבֶּער דִיא פַאלְשֶׁע וֶועלֶען זַיין צוּ צִינְזֶען׃
25 זָארְג אִין דֶעם הַארְץ פוּן אַ מֶענְשׁ בֵּייגְט אִיהְם אַנִידֶער, אָבֶּער אַ גוּט וָוארְט מַאכְט אִיהְם פְרֵיילִיךְ׃
26 דֶער צַדִּיק אִיז מֶעהְר פְלֵייסִיג וִויא זֵיין חָבֵר, אָבֶּער דֶער וֶועג פוּן דִיא רְשָׁעִים פֶערְפִיהְרְט זֵייא׃
27 דֶער פוֹילֶער טְהוּט נִיט בְּרָאטֶען דָאס וָואס עֶר הָאט גֶעחַאפְּט, אָבֶּער דָאס פֶערְמֶעגֶען פוּן אַ פְלֵייסִיגֶען מֶענְשׁ אִיז טֵייעֶר׃
28 אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז לֶעבֶּען, אוּנְד אִין דֶעם שְׁטֶעג דֶערְפוּן אִיז קֵיין טוֹיט׃

## קאפיטעל יג

1 אַ קְלוּגֶער זוּהְן גֶעמְט אָן דֶעם פָאטֶער'ס מוּסָר, אָבֶּער אַ שְׁפֶּעטֶער הֶערְט נִיט צוּ דָאס גֶעשְׁרַייא׃
2 אַ מֶענְשׁ עֶסְט גוּטֶעס פוּן דִיא פֵּירוֹת פוּן זֵיין מוֹיל, אָבֶּער דָאס נֶפֶשׁ פוּן דִיא פַאלְשֶׁע זָאלֶען עֶסֶען פוּן רוֹיבֶּערַייא׃
3 דֶער וָואס הִיט זֵיין מוֹיל הִיט זֵיין לֶעבֶּען, אָבֶּער דֶער וָואס עֶפֶענְט בְּרֵייט זַיינֶע לִיפֶּען וֶועט הָאבֶּען אַ בְּרֶעכֶענִיס׃
4 דָאס נֶפֶשׁ פוּן דֶעם פוֹילֶען גְלוּסְט אָבֶּער עֶר הָאט נִיט, אָבֶּער דָאס נֶפֶשׁ פוּן דִיא פְלֵייסִיגֶע וֶועט פֶעט גֶעמַאכְט וֶוערֶען׃
5 דֶער צַדִּיק הָאט פֵיינְד פַאלְשֶׁע וֶוערְטֶער, אָבֶּער דֶער רָשָׁע מַאכְט זִיךְ שְׁטִינְקֶען אוּנְד וֶוערְט פֶערְשֶׁעמְט׃
6 גֶערֶעכְטִיגְקֵייט הִיט דֶעם אוֹיפְרִיכְ־טִיגֶען אִין דֶעם וֶועג, אָבֶּער רִשְׁעוּת פֶערְדְרֵייט דֶעם וֶועג צוּ זִינְד׃
7 עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען דֶער וָואס גֶעט זִיךְ אוֹיס פַאר רֵייךְ, אוּנְד עֶר הָאט גָאר נִיט, אוּנְד עֶס אִיז פֶערְ־הַאנְדֶען דֶער וָואס גֶעט זִיךְ אוֹיס פַאר אָרֶעם אָבֶּער עֶר הָאט אַ גְרוֹיס פֶערְמֶעגֶען׃
8 דָאס אוֹיסְלֵייזוּנְג פוּן אַ מֶענְשֶׁענְ'ס נֶפֶשׁ אִיז זֵיין רֵייכְטוּם, אָבֶּער דֶער אָרֶעמֶער הֶערְט נִיט אוֹיף דֶעם אָנְשְׁרֵייעֶן׃
9 דָאס לִיכְט פוּן דִיא צַדִּיקִים דֶערְ־פְרֵייעֶט, אָבֶּער דִיא לָאמְפּ פוּן דִיא רְשָׁעִים וֶועט אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען וֶוערֶען׃
10 נָאר דוּרְךְ שְׁטָאלְצְהֵייט וֶוערְט קְרִיג גֶעמַאכְט, אָבֶּער דִיא וָואס לָאזֶען זִיךְ רָאטֶען הָאבֶּען חָכְמָה׃
11 רֵייכְטוּם וָואס וֶוערְט אָנְגֶעשַׁאפְט דוּרְךְ הֶבֶל וֶוערְט גֶעמִינְגֶערְט, אָבֶּער דֶער וָואס זַאמֶעלְט עֶס אָן דוּרְךְ אַרְבֵּייט וֶוערְט פֶערְמֶעהְרְט׃
12 אַ הָאפֶענוּנְג וָואס קוּמְט נִיט אָן מַאכְט דָאס הַארְץ קְרַאנְק, אָבֶּער וֶוען זֵיין בֶּעגֶעהְרֶען קוּמְט אָן, דָאס אִיז וִויא אַ וים פוּן לֶעבֶּען׃

13 דער וואס פֿעראַכטעט דאס וואָרט
ווערט פֿערטיליגט ווערען, אָבער דער
וואס פֿאָרכט דיא מִצְוָה דעם וועט גוט
בעצאָלט ווערען :
14 דיא תּוֹרָה פון דעם חָכָם איז אַ
קְוואַל פון לעבען, אָפּצוּקעהרען דערפון
איז דיא שטרויכלונג פון טויט :
15 אַ גוטער שֵׂכֶל געט חֵן, אָבער
דער וועג פון דיא פאַלשע איז שטאַרק
(בייז) :
16 איטליכער קלוגער מענש טהוט
אַלעס מיט וויסענשאַפֿט, אָבער דער
נאַר פערשפּרייט נאַרישקייטען :
17 אַ שָׁלִיחַ וואס איז אַ רָשָׁע פאַלט
אין דעם שלעכטען, אָבער אַ געטרייער
שָׁלִיחַ איז אַ היילונג :
18 אָרעמקייט אונד שאַנד קומט אויף
דעם וואס פערשטערט מוּסָר, אָבער
דער וואס היט דיא שטראָף וועט גע־
עהרט ווערען :
19 ווען דאס וואס אַ מענש גלוסט
קומט אָן דאס איז זיס צו דעם נֶפֶשׁ,
אָבער צו דיא נאַרונים איז עס איינע
אומווערדיגקייט אָפּצוקעהרען פון דעם
בייזען :
20 דער וואס גייט מיט קלוגע ווערט
קלוג, אָבער אַ חַבֵר פון נאַרונים וועט
עס שלעכט זיין :
21 זינדיגע מענשען יאָגט נאָך בייזעס,
אָבער דיא צַדִיקִים וועט גוטעס בע־
צאָלט ווערען :
22 דער גוטער מענש מאַכט זיינע
קינדערס קינדער יַרְשְׁנ'ן, אָבער דאס
פערמעגען פון דעם זינדער איז בע־
האַלטען פאַר דעם צַדִיק :
23 פיל עסענוואַרג איז אין דעם
אַקערפֿעלד פון דיא אָרעמע, אָבער
פילעס ווערט פערטילגט אָהן מִשְׁפָּט :
24 דער וואס פֿערמיידעט דיא רוט
האָט פיינד זיין זוהן, אָבער דער וואס
ליבט איהם שטראָפט איהם (עפטער)
אין דער פריה :
25 דער צַדִיק עסט כְּדֵי זיך צו זעט־
טיגען, אָבער דעם בויך פון דיא
רְשָׁעִים וועט עס פעהלען :

## קאַפּיטעל יד

1 איטליכע קלוגע פרויא בויעט אויף
איהר הויז, אָבער דיא נאַרישע צו־
ברעכט עס מיט איהרע הענד :
2 דער וואס גייט אין אויפריכטיגקייט
פאָרכט גאָט, אָבער דער וואס איז
פערקרימט אין זיינע וועגען דער איז
איהם מְבַזֶה :
3 אין דעם מויל פון אַ נאַר איז אַ
רוט פון גַאֲוָה, אָבער דיא ליפען פון
דיא חֲכָמִים היטען זייא :
4 אַוואו עס זענען קיינע אָקסען דאָ
איז דיא קאָריטע ריין, אָבער פיל
תְּבוּאוֹת קומט דורך דעם כּחַ פון
דעם אָקס :
5 אַ געטרייער עֵדוּת זאָגט קיינע
ליגען, אָבער אַ פאַלשער עֵדוּת זאָגט
(אייביג) ליגען :
6 אַ שפעטער זוכט חָכְמָה אונד ער
געפינט זיא ניט, אָבער וויסענשאַפט
איז צו דעם פערשטענדיגען לייכט :
7 גייא אַוועק פון פאַר אַ נאַרישען
מענש, ווען דוא דערקענסט ניט אין
זיינע ליפען דיא וויסענשאַפט :
8 דיא קלוגהייט פון דעם חָכָם אין
צו פערשטיין זיין וועג, אָבער דיא
נאַרישקייט פון דעם נאַר איז פאַלש־
קייט :
9 דיא נאַרען מאַכען אַ געשעפט פון

דֶער זִינְד, אָבֶער צְווִישֶׁען דִיא רֶעכְטְ־
פַארְטִיגֶע אִיז וָואוילְגֶעפַאלֶען׃
10 דָאס הַארְץ ווייס זַיינֶע אֵייגֶענֶע
בִּיטֶערְקֵייט, אָבֶער אִין זַיינֶע שִׂמְחָה
וָועט זִיךְ קֵיין פְרֶעמְדֶער נִיט מִישֶׁען׃
11 דָאס הויז פוּן דִיא רְשָׁעִים וָוערְט
פֶערְטִילְגְט, אָבֶער דָאס גֶעצֶעלְט פוּן
דִיא רֶעכְטפַארְטִיגֶע וָועט בְּלִיהֶען׃
12 עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ וֶועג וָואס
שֵׁיינְט צוּ זַיין רֶעכְטפַארְטִיג פַאר אַ
מֶענְשׁ, אָבֶער זַיין עֶנְד אִיז דֶער טוֹיט׃
13 אַפִּילוּ וָוען מֶען שְׁפִּילְט טְהוּט
דָאס הַארְץ ווֵייא, אוּנְד דָאס עֶנְד פוּן
אַ זָאלְכֶער שִׂמְחָה אִיז טְרוֹירִיגְקֵייט׃
14 דֶער וָואס קֶעהְרְט אָפּ מִיט זַיין
הַארְץ וֶועט פוּן זַיינֶע אֵייגֶענֶע וֶועגֶען
זַאט וֶוערֶען, אָבֶער אַ גוּטֶער מֶענְשׁ
וֶועט זַאט וֶוערֶען פוּן זִיךְ אַלֵיין׃
15 אַ נַאר גְלוֹיבְּט צוּ אִיטְלִיכֶען וָוארְט,
אָבֶער אַ קְלוּגֶער קוּקְט גוּט אוֹיף זַיינֶע
טְרִיט׃
16 אַ חָכָם הָאט מוֹרָא אוּנְד קֶעהְרְט
אַוֶועק פוּן בֵּייזֶען, אָבֶער אַ נַאר
שְׁטַארְקְט זִיךְ אוּנְד פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ
בַּארוּיף׃
17 דֶער וָואס אִיז גֶעשְׁווִינְד עֶרְגֶערְלִיךְ
טְהוּט נַארִישְׁקֵייט, אוּנְד דֶער מֶענְשׁ
וָואס הָאט בֵּייזֶע גֶעדַאנְקֶען וֶוערְט
גֶעהַאסְט׃
18 דִיא נַארוּנִים יַרְשְׁנְ'ן נַארִישְׁקֵייט,
אָבֶער דִיא קְלוּגֶע לַייט וֶוערֶען גֶע־
קְרֵיינְט מִיט ווִיסֶענְשַׁאפְט׃
19 דִיא שְׁלֶעכְטֶע וֶועלֶען זִיךְ בִּיקֶען
פַאר דִיא גוּטֶע, אוּנְד דִיא רְשָׁעִים
פַאר דִיא טוֹיעֶרְן פוּן דֶעם צַדִיק׃
20 דֶער אָרֶעמֶער וֶוערְט אַפִּילוּ גֶע־
הַאסְט פוּן זַיין פְרַיינְד, אָבֶער דֶער
רֵייכֶער הָאט פִילֶע לִיבְּהָאבֶּערְס׃
21 דֶער וָואס אִיז מְבַזֶה זַיין חָבֵר אִיז
אַ זִינְדֶער, אָבֶער וָואויל אִיז דֶעם וָואס
דֶערְבַּארְמְט זִיךְ אִיבֶּער דִיא עֶלֶענְדֶע׃
22 פֶערְאִירֶען זִיךְ דֶען נִיט דִיא וָואס
טְרַאכְטֶען שְׁלֶעכְטֶעס? אָבֶער חֶסֶד
אוּנְד אֶמֶת וֶועט זַיין צוּ דִיא וָואס
טְרַאכְטֶען גוּטֶעס׃
23 אִין אִיטְלִיכֶע בֶּעמִיהוּנְג (אַרְבֵּייט)
אִיז אַ רֶוַח, אָבֶער דִיא וֶוערְטֶער פוּן
דִיא לִיפֶּען בְּרֶענְגְט נָאר אַ מִינֶערוּנְג׃
24 דִיא קְרוֹין פוּן דִיא חֲכָמִים אִיז
זֵייעֶר רֵייכְטוּם, אָבֶער דִיא נַארִישְׁקֵייט
פוּן דִיא נַארוּנִים אִיז זֵייעֶר נַארִישְׁקֵייט׃
25 אַיין אֶמֶת'ר עֵדוּת אִיז מַצִיל
נְפָשׁוֹת, אָבֶער אַ פַאלְשֶׁער עֵדוּת (רֶעט)
טְרַאכְט לִיגֶען׃
26 אִין דֶער פָארְכְט פוּן גָאט אִיז אַ
שְׁטַארְקֶע פֶערְזִיכֶערוּנְג, אוּנְד עֶס וֶועט
זַיין אַ בֶּעשִׁיצוּנְג צוּ זַיינֶע קִינְדֶער׃
27 דִיא פָארְכְט פוּן גָאט אִיז אַ
קְוַואל פוּן לֶעבֶּען, כְּדֵי אָפְּצוּקֶעהְרֶען
פוּן דִיא שְׁטְרוֹיכֶעל־גֶעץ פוּן דֶעם
טוֹיט׃
28 דוּרְךְ פִיל פָאלְק וֶוערְט דֶער מֶלֶךְ
בֶּעשֵׁיינְט, אָבֶער וָוען עֶס אִיז נִיט דָא
קֵיין פָאלְק אַזוֹי וֶוערְט אַיין בְּרָאךְ צוּ
דֶעם פִירְשְׁט׃
29 דֶער וָואס דֶערלֶענְגֶערְט זַיין צָארְן
הָאט פִיל פֶערְשְׁטַאנְד, אָבֶער דֶער
וָואס וֶוערְט גֶעשְׁווִינְד צָארְנִיג דֶערְהֵייבְּט
זַיינֶע נַארִישְׁקֵייט׃
30 אַ גֶעזוּנְדֶעס הַארְץ אִיז דָאס
לֶעבֶּען פוּן דֶעם פְלֵייש, אָבֶער קִנְאָה
פֶערְפוֹילְט דִיא בֵּיינֶער׃
31 וֶוער דֶעם אָרֶעמֶען מַאן אוּנְטֶערְ־
דְרִיקְט דֶער לֶעסְטֶערְט זַיין בֶּעשֶׁעפֶער,

אבער

אָבֶער דֶער וָואס דֶערְבַּארְמְט זִיךְ
אִיבֶּער דֶעם נויטְבֶּעדַארְפְטִיגֶען עֶהְרְט
אִיהְם׃
32 דֶער רָשָׁע וֶוערְט פֶערְשְׁטויסֶען
אִין זַיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, אָבֶער דֶער
צַדִיק בֶּעשִׁיצְט זִיךְ אַפִילוּ אִין זַיין
טויט׃
33 אִין אַ פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶעס הַארְץ
רוּהְט חָכְמָה, אָבֶער דָאס וָואס אִיז
צְווִישֶׁען דִיא נַארוּנִים וֶוערְט (בַּאלְד)
בֶּעקַאנְט׃
34 גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דֶערְהֵייבְּט אַ פָאלְק
אָבֶער זִינְד אִיז אַ שַׁאנְד צוּ פֶעלְקֶער׃
35 דָאס ווְאוילְגֶעפַאלֶען פוּן אַ מֶלֶךְ
אִיז צוּ אַ קְלוּגֶען קְנֶעכְט, אָבֶער זַיין
צָארְן וֶועט זַיין קֶעגֶען דֶעם וָואס
מַאכְט פֶערְשֶׁעמֶען׃

קאפיטעל טו

1 אַ ווייכֶע עֶנְטְפֶער קֶעהְרְט אוּם
דֶעם צָארְן, אָבֶער אַ טְרוֹירִיגֶעס וָוארְט
בְּרֶענְגְט אַרויף דֶעם צָארְן׃
2 דִיא צוּנְג פוּן דִיא קְלוּגֶע מַאכְט
גוּט דִיא ווִיסֶענְשַׁאפְט, אָבֶער דָאס
מויל פוּן דִיא נַארוּנִים קְוֶועלְט אַרויס
נַארִישְׁקֵייט׃
3 דִיא אויגֶען פוּן גָאט זֶענֶען אִין
אִיטְלִיכֶען אָרְט, עֶר קוּקְט אויף דֶעם
שְׁלֶעכְטֶען אוּנְד גוּטֶען׃
4 אַ גֶעהֵיילְטֶע צוּנְג אִיז אַ בּוֹים פוּן
לֶעבֶּען, אָבֶער דֶער וָואס פֶערקְרִימְט
דֶערְמִיט, אִיז אַ בְּרָאךְ אִין דֶעם
גֵייסְט׃
5 אַ נַאר פֶערְוַוארְפְט דֶעם מוּסָר פוּן
זַיין פָאטֶער, אָבֶער דֶער וָואס הִיט
שְׁטְרָאף אִיז קְלוּג׃
6 אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם צַדִיק אִיז
אַ גְרויסֶער רֵייכְטוּם, אָבֶער אִין דֶעם
אֵיינְקוּמֶען פוּן דֶעם רָשָׁע אִיז נָאר
בֶּעטְרִיבֶּענִים׃
7 דִיא לִיפֶּען פוּן דִיא חֲכָמִים שְׁטְרֵייעֶן
אויס ווִיסֶענְשַׁאפְט, אָבֶער דָאס הַארְץ
פוּן דִיא נַארוּנִים אִיז נִיט אַזוֹי׃
8 דִיא קָרְבָּנוֹת פוּן דִיא רְשָׁעִים אִיז
אֵיינֶע אוּמְווִירְדִיגְקֵייט פַאר גָאט, אָבֶער
דָאס גֶעבֶּעט פוּן דִיא אויפְרִיכְטִיגֶע אִיז
זַיין ווְאוילְגֶעפַאלֶען׃
9 דֶער וֶועג פוּן דֶעם רָשָׁע אִיז
אֵיינֶע אוּמְווִירְדִיגְקֵייט פַאר גָאט, אָבֶער
דֶער וָואס יָאגְט נָאךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
דֶעם לִיבְּט עֶר׃
10 בֵּייזֶע יְסוּרִים זֶענֶען (אָנְגֶעבְּרֵייט)
פַאר דֶעם וָואס פֶערְלָאזְט דֶען (גוּטֶען)
וֶועג, דֶער וָואס הָאט פֵיינְד שְׁטְרָאף
וֶועט שְׁטַארְבֶּען׃
11 דֶער שְׁאוֹל אוּנְד דָאס גֵּיהִנֹּם אִיז
פַאר גָאט, מִכָּל־שֶׁכֵּן דִיא הֶערְצֶער
פוּן דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער׃
12 דֶער שְׁפֶּעטֶער לִיבְּט נִיט אַז מֶען
זָאל אִיהְם שְׁטְרָאפֶען, אוּנְד עֶר וִויל
אויךְ נִיט גֵיין צוּ דִיא חֲכָמִים׃
13 אַ פְרֵיילִיכֶעס הַארְץ מַאכְט אַ שֵׁיין
פָּנִים, אָבֶער דוּרְךְ אַ בֶּעטְרִיבְּט הַארְץ
אִיז אַ צוּבְּרָאכֶען גֶעמִיט׃
14 אַ פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶעס הַארְץ זוּכְט
ווִיסֶענְשַׁאפְט, אָבֶער דָאס מויל פוּן
דִיא נַארוּנִים פַאשֶׁעט זִיךְ מִיט
נַארִישְׁקֵייט׃
15 אַלֶע טֶעג פוּן דֶעם אָרֶעמֶען זֶענֶען
שְׁלֶעכְט, אָבֶער אַ גוּט הַארְץ אִיז אַ
בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶע מָאהלְצֵייט׃
16 עֶס אִיז בֶּעסֶער אַ בִּיסֶעלֶע מִיט
גָאטֶעס פָארְכְט, ווִיא אַ גְרויסֶער אוֹצָר
מִיט אַ בֶּעטְרִיבֶּענִים׃
17 עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ הָאבֶען אַ

מָאהלְצַייט פוּן קְרוֹיט מִיט לִיבְּשַׁאפְט,
ווִיא אַ פֶּעטֶען אָקְס מִיט פֵיינְדְשַׁאפְט :
18 אַ צָארְנְדִיגֶער מַאן רֵייצְט אָן אַ
קְרִיג, אָבֶּער דֶער וָואס פֶערְלֶענְגֶערְט
זַיין צָארְן שְׁטִילְט אַ קְרִיג :
19 דֶער וֶועג פוּן דֶעם פוֹילֶען אִיז
גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא אַ צוֹים פוּן דֶערְנֶער,
אָבֶּער דֶער וֶועג פוּן דִיא אוֹיפְרִיכְטִיגֶע
אִיז ווִיא אַ גֶעטְרֶעטֶענֶער וֶועג :
20 אַ קְלוּגֶער זוּהְן דֶערפְרֵייעֶט דֶעם
פָאטֶער, אָבֶּער אַ נַארִישֶׁער מֶענְשׁ
אִיז מְבַזֶה זַיינֶע מוּטֶער :
21 נַארִישְׁקֵייט אִיז אַ שִׂמְחָה צוּ דֶעם
וָואס הָאט קֵיין פֶערשְׁטַאנְד, אָבֶּער אַ
פֶערשְׁטֶענְדִיגֶער מֶענְשׁ גֵייט אוֹיף דֶעם
אוֹיפְרִיכְטִיגֶען וֶועג :
22 דִיא גֶעדַאנְקֶען וֶוערֶען פֶערשְׁטֶערְט
ווייל מֶען בֶּערָאט זִיךְ נִיט, אָבֶּער דוּרְךְ
פִילֶע עֵצוֹת הָאבֶּען זֵייא אֵיין קִיוּם :
23 אַ מֶענְשׁ הָאט אַ שִׂמְחָה דוּרְךְ
דִיא עֶנְטְפֶער פוּן זַיין מוֹיל, אוּנְד אַ
וָוארְט אִין דֶער צֵייט אוֹי ווִיא גוּט
אִיז עֶס ?
24 דֶער וֶועג פוּן לֶעבֶּען אִיז אָנְגֶע־
בְּרֵייט פוּן אוֹיבֶּען פַאר דֶעם קְלוּגֶען,
כְּדֵי עֶר זָאל אָפְּקֶעהְרֶען פוּן דֶעם וֶועג
וָואס נֵייגְט צוּ דֶעם שְׁאוֹל :
25 דָאס הוֹיז פוּן דִיא בַּעֲלֵי גַאוָה
טְהוּט גָאט אוֹיסְרֵייסֶען, אָבֶּער דִיא
גְרֶענֶעץ פוּן דֶער אַלְמָנָה טְהוּט עֶר
אוֹיפְשְׁטֶעלֶען :
26 דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען
זֶענֶען אֵיינֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט פַאר גָאט,
אָבֶּער רֵיינֶע (גֶעדַאנְקֶען) זֶענֶען אַזוֹי
ווִיא זִיסֶע רֵייד :
27 דֶער וָואס אִיז גֵייצִיג צוּ גֶעווִינֶען
בֶּעטְרִיבְּט זַיין אֵייגֶען הוֹיז, אָבֶּער דֶער
וָואס הָאט פֵיינְד מַתָּנוֹת וֶועט לֶעבֶּען :
28 דָאס הַארְץ פוּן דֶעם צַדִיק טְרַאכְט
ווִיא צוּ עֶנְטְפֶערְן, אָבֶּער דָאס מוֹיל
פוּן דִיא רְשָׁעִים רֶעט (נָאר) שְׁלֶעכְטֶעס :
29 גָאט דֶערְוַוייטֶערְט זִיךְ פוּן דִיא
רְשָׁעִים, אָבֶּער דָאס גֶעבֶּעט פוּן דִיא
צַדִיקִים דֶערְהֶערְט עֶר :
30 דִיא דֶערְלֵייכְטוּנְג פוּן דִיא אוֹיגֶען
דֶערפְרֵייעֶן דָאס הַארְץ, אוּנְד אַ גוּטֶע
בְּשׂוֹרָה מַאכְט פֶעט דִיא בֵּיינֶער :
31 דָאס אוֹיעֶר וָואס הֶערְט צוּ דִיא
שְׁטְרָאפְרֵייד פוּן לֶעבֶּען וֶועט בְּלֵייבֶּען
צְווִישֶׁען דִיא חֲכָמִים :
32 דֶער וָואס פֶערְוַוארְפְט מוּסָר דֶער
פֶערְמָאוּסְט זַיינֶע אֵייגֶענֶע זֶועלֶע,
אָבֶּער דֶער וָואס הֶערְט צוּ דֶער
שְׁטְרָאפְרֵייד שַׁאפְט זִיךְ אַ (פֶערשְׁטֶענְדִיג)
הַארְץ :
33 דִיא גָאטֶעס פָארְכְט אִיז דֶער
מוּסָר פוּן חָכְמָה, אוּנְד פַאר דֶעם
כָּבוֹד אִיז עֲנָוָה :

## קאפיטעל טז

1 דִיא אָנְרִיכְטוּנְג פוּן דֶעם הַארְץ
אוּנְד דִיא עֶנְטְפֶער פוּן דֶער צוּנְג
אִיז פוּן גָאט :
2 אַלֶע וֶועגֶען פוּן דֶעם מֶענְשׁ זֶענֶען
רֵיין אִין זַיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער
גָאט טְהוּט וֶועגֶען דִיא גֵייסְטֶער :
3 וֶועלְגֶער אוֹיף גָאט דֵיינֶע מַעֲשִׂים,
אַזוֹי וֶועלֶען דֵיינֶע מַחְשָׁבוֹת בֶּעפֶעסְ־
טִיגְט וֶוערֶען :
4 גָאט הָאט אַלֶעס בֶּעשַׁאפֶען פוּן
זַיינֶעט וֶועגֶען, יוֹא, אַפִילוּ דֶעם רָשָׁע
צוּ דֶעם בֵּייזֶען טָאג :
5 אִיטְלִיכֶעס שְׁטָאלְצֶע הַארְץ אִיז
אֵיינֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט פַאר גָאט,
חָאטְשֶׁע אֵיינֶער גֶעט דֶעם אַנְדֶערְן

דיא האנד, וועט ער דאך ניט אומ־
שולדיג זיין:
6 דורך חסד אונד אמת ווערט דיא
זינד פערגעבען, אונד דורך גאטעס
פארכט קעהרט מען אפ פון דעם
בייזען:
7 ווען א מענשענס וועג איז וואויל־
געפעליג צו גאט אזוי וועט ער מאכען
אז אפילו זיינע פיינד וועלען מיט
איהם שלום האבען:
8 עס איז בעסער צו האבען א
ביסעלע מיט גערעכטיגקייט וויא צו
האבען פיל תבואות אהן משפט:
9 א מענשענס הארץ טראכט אויס
זיין אייגענעם וועג, אבער גאט טהוט
אנברייטען זיינע שריט:
10 וואהרזאגערייא איז אויף דיא
ליפען פון דעם מלך, זיין מויל טהוט
ניט פאלשען אין דעם משפט:
11 א רעכטע וואג אונד וואגשאלען
זענען פון גאט, אלע געוויכט־שטיינער
פון דעם בייטעל זענען זיינע מעשים:
12 עס איז איינע אומווערדיגקייט
פאר מלכים שלעכטעס צו טהון,
וואריין דורך גערעכטיגקייט ווערט זיין
שטוהל בעפעסטיגט:
13 גערעכטע ליפען זענען א וואויל־
געפאלען פון מלכים, אונד דער וואס
רעט רעכטפארטיגקייט דעם האט
ער ליב:
14 דער צארן פון א מלך איז אזוי
וויא דיא שלוחים פון דעם טויט,
אבער א קלוגער מענש טהוט זיך
מיט איהם איבערבעטען:
15 אין דעם ליכטיגען פנים פון
דעם מלך איז לעבען, אונד זיין
וואוילגעפאלען איז אזוי וויא דער
וואלקען פון א שפעט־רעגען:
16 זיך אנצוקויפען חכמה וויא פיל
בעסער דאס איז וויא פיינגאלד, אונד
זיך אנצוקויפען פערשטאנד וויא דאס
אויסדערוויילסטע זילבער:
17 דער וועג פון דיא רעכטפארטיגע
איז אפצוקעהרען פון דעם שלעכטען,
אונד דער וואס היט זיינע וועגע היט
זיין וועג:
18 שטאלצהייט איז פאר א בראך, אונד
א הויך געמיט פאר א שטרויכלונג:
19 עס איז בעסער צו האבען א
נידעריג געמיט מיט דיא דעמיטיגען,
וויא אויסצוטיילען זאק־רויב מיט דיא
שטאלצע:
20 דער וואס קלוגט נאך איבער א
זאך געפינט גוטעס, אונד דער וואס
פערזיכערט זיך אויף גאט, דעם איז
וואויל:
21 צו דעם וואס האט א קלוג הארץ
דעם וועט מען רופען א פערשטענדי־
גער, אונד דיא זיסקייט פון דיא ליפען
פערמעהרט לערנונג:
22 א קוואל פון לעבען איז דער וואס
האט שכל, אבער דער מוסר פון דיא
נארונים איז נארישקייט:
23 דאס הארץ פון א חכם מאכט קלוג
זיין מויל, אונד אויף זיינע ליפען
פערמעהרט ער לערנונג:
24 אזוי וויא דיא זיסקייט פון האניג
זענען ליבליכע רייד, עס איז א זיס־
קייט צו דעם נפש אונד א היילונג צו
דיא ביינער:
25 עס איז פערהאנדען א וועג וואס
שיינט רעכטפארטיג צו זיין פאר דעם
מענש, אבער דאס ענד דערפון איז
דער וועג צו דעם טויט:

26 דֶער וָואס אַרְבֵּייטֶעט אַרְבֵּייט פַאר
זִיךְ אַלֵיין, וָוארִין זֵיין מוֹיל גֵייט אִיהְם
דֶערצוּ :
27 אַ שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ גְרוֹיבְּט אוֹיס
שְׁלֶעכְטֶעס, אוּנְד עֶס אִיז אוֹיף זֵיינֶע
לִיפֶּען אַזוֹי וִויא אַ בְּרֶענֶענְדִיגֶעס פֵייעֶר :
28 אַ פֶערְקֶעהְרְטֶער מֶענְשׁ רֵייצְט אָן
קְרִיג, אוּנְד אֵיין אֵיינְרוֹימֶער צוּשֵׁייט
דִיא בֶּעסְטֶע פְרֵיינְדֶע :
29 אַ רוֹיבֶּערִישֶׁער מַאן אִיבֶּערְרֶעדְט
זֵיין חַבֵר, אוּנְד עֶר פִיהְרְט אִיהְם אוֹיף
אַ וֶועג וָואס אִיז נִיט גוּט :
30 עֶר מַאכְט צוּ זֵיינֶע אוֹיגֶען כְּדֵי
אוֹיסְצוּטְרַאכְטֶען פֶערְקֶעהְרְטֶע זַאכֶען,
עֶר בֵּייסְט צוּזַאמֶען זֵיינֶע לִיפֶּען אוּנְד
אַזוֹי פֶערְלֶענְט עֶר דָאס שְׁלֶעכְטֶע :
31 דִיא גְרוֹיעֶ עֶלְטֶער אִיז אַ שֵׁיינֶע
קְרוֹין, וֶוען עֶר גֶעפִינְט זִיךְ אוֹיף דֶעם
וֶועג פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט :
32 עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ זֵיין אַ לַאנְג־
מִיטִיגֶער וִויא אַ גִבּוֹר, אוּנְד אֵיינֶער
וָואס גֶעוֶועלְטִיגְט אִיבֶּער זֵיין גֶעמִיט
וִויא דֶער וָואס נֶעמְט אֵיין אַ שְׁטָאט :
33 אִין דֶעם שׁוֹים וֶוערְט דָאס גוֹרָל
גֶעוָוארְפֶען, אָבֶּער פוּן גָאט אִיז זֵיין
גַאנְצֶעס מִשְׁפָּט :

קאפיטעל יז

1 עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ עֶסֶען אַ
שְׁטִיקֶעל טְרוּקֶען בְּרוֹיט מִיט שָׁלוֹם,
אֵיידֶער צוּ הָאבֶּען אַ הוֹיז פוּל מִיט
זְבוּחִים אוּנְד קְרִיג דֶערְמִיט :
2 אַ קְלוּגֶער קְנֶעכְט וֶועט גֶעוֶועלְטִי־
גֶען אִיבֶּער אַ פֶערְשֶׁעמְטֶען זוּהְן, אוּנְד
צְוִוישֶׁען דִיא בְּרִידֶער טְהוּט עֶר
אוֹיסְטֵיילֶען דִיא נַחֲלָה :
3 דֶער שְׁמֶעלְץ־טִיגֶעל אִיז פַאר זִילְ־
בֶּער, אוּנְד דֶער פֵייעֶר־אוֹיבֶען פַאר
גָאלְד, אָבֶּער גָאט פְּרִיפְט דִיא הֶערְצֶער :
4 דֶער שְׁלֶעכְטֶער פֶערְנֶעמְט אוּמְ־
רֶעכְטֶע לִיפֶּען, אוּנְד אַ לִיגְנֶער נֵייגְט
דָאס אוֹיעֶר צוּ אַ פֶערְקְרוּמְט לָשׁוֹן :
5 דֶער וָואס שְׁפֶּעט פוּן אֵיין אָרֶעמֶען
לֶעסְטֶערְט זֵיין בֶּעשֶׁעפֶער, אוּנְד דֶער
וָואס פְרֵייט זִיךְ אִיבֶּער אֵיין אוּמְגְלִיק
וֶועט נִיט אוּמְגֶעשְׁטְרָאפְט בְּלֵייבֶען :
6 דִיא קְרוֹין פוּן אַלְטֶע לֵייט אִיז
קִינְדֶערְ'ס קִינְדֶער, אוּנְד דִיא שֵׁיינְקֵייט
פוּן קִינְדֶער אִיז זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן :
7 שֵׁיינֶע רֵייד וֶוענֶען נִיט אָנְגֶענֶעהְם
צוּ אַ נַאר, מִכָּל־שֶׁכֵּן אַ פַאלְשֶׁע לִיפּ
צוּ אַ פִירְשְׁט :
8 אֵיין עֶדֶעל־שְׁטֵיין אִיז אַ שֵׁיין
גֶעשֶׁענְק אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם וָואס
הָאט עֶס, אַוְואוּ עֶר קֶעהְרְט זִיךְ אַהִין
בֶּעגְלִיקְט עֶר :
9 דֶער וָואס דֶעקְט צוּ אַ זִינְד זוּכְט
לִיבְּשַׁאפְט, אָבֶּער דֶער וָואס דֶערְמַאנְט
אִין דִיא זַאךְ דֶער שֵׁייט דִיא בֶּעסְטֶע
פְרֵיינְד :
10 צוּ אַ פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶען אִיז דָאס
אָנְשְׁרֵייעֶן מֶעהְר וִויא הוּנְדֶערְט שְׁלֶעק
צוּ אַ נַאר :
11 דֶער שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ זוּכְט נָאר
וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגְקֵייט, דַארִיבֶּער וֶוערְט צוּ
אִיהְם גֶעשִׁיקְט אֵיין אוּנְדֶערְבַּארְמִדִיגֶער
שָׁלִיחַ :
12 עֶס אִיז בֶּעסֶער פַאר אַ מַאן צוּ
בֶּעגֶעגְנֶען אַ בֶּער וָואס אִיז בֶּערוֹיבְּט
פוּן זֵיינֶע יוּנְגֶען, אַלְס אַ נַאר אִין
זֵיינֶע נַארִישְׁקֵייט :
13 דֶער וָואס קֶעהֶערְט צוּרִיק שְׁלֶעכְ־
טֶעס פַאר גוּטֶעס, וֶועט דָאס שְׁלֶעכְטֶע
פוּן זֵיין הוֹיז נִיט אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען :
14 דֶער אָנְהֵייבּ פוּן שְׁטְרֵייט אִיז

אזוי

אַזוי ווִיא אֵיינֶער וָואס לָאזְט אַרוֹיס
וַואסֶער, דַארִיבֶּער אֵיידֶער דֶער קְרִיג
וֶוערְט עֶנְטפְּלֶעקְט פַארְלָאז אִיהְם:
15 דֶער וָואס מַאכְט גֶערֶעכְט דֶעם
רָשָׁע, אוּנְד בֶּעשׁוּלְדִיגְט דֶעם צַדִיק,
זֵייא בֵּיידֶע זֶענֶען אֵיינֶע אוּמְוֶוירְדִיגְקַייט
פַאר גָאט:
16 פַארְוָואס אִיז דֶער קוֹיפפְּרֵייז פוּן
חָכְמָה אִין דִיא הַאנְד פוּן אַ נַאר, וֶוען
עֶר הָאט נִיט דֶערְצוּ קֵיין הַארְץ?
17 אַ פְרֵיינְד לִיבְּט צוּ יֶעדֶער צֵייט,
אָבֶּער אַ בְּרוּדֶער אִיז צוּ דֶער צָרָה
גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען:
18 אַ מֶענְשׁ וָואס הָאט קֵיין פֶערְ־
שְׁטַאנְד גֶעט תְּקִיעַת כַּף, אוּנְד עֶר
וֶוערְט אֵיין עָרֵב פַאר זֵיין חַבֵר:
19 דֶער וָואס לִיבְּט צוּ זִינְדִיגֶען דֶער
הָאט לִיבּ צוּ קְרִיגֶען, אוּנְד דֶער וָואס
דֶערְהֵייכְט זֵיינֶע טִיעֶר זוּכְט אַ בְּרָאךְ:
20 אַ פֶערקְרִימְט הַארְץ גֶעפִינְט קֵיין
גוּטֶעס, אוּנְד דֶער וָואס פֶערְקֶעהְרְט
זֵיינֶע צוּנְג פַאלְט אַרַיין אִין בֵּייזֶען:
21 דֶער וָואס גֶעווִינְט אַ נַאר צוּ דֶעם
אִיז עֶר אַ טְרוֹירִיגְקַייט, אוּנְד דֶער
פָאטֶער פוּן אַ נַאר פְרֵייט זִיךְ נִיט:
22 אַ פְרֵיילִיכֶעס הַארְץ טְהוּט גוּט צוּ
אַ מֶעדִיצִין, אָבֶּער אַ בֶּעטְרִיבְּטֶעס
גֶעמִיט פֶערטְרִיקֶענְט דִיא בֵּיינֶער:
23 דֶער רָשָׁע נֶעמְט אַרוֹיס שׁוֹחַד פוּן
דֶעם בּוּזֶעם, כְּדֵי אָפְּצוּנֵייגֶען דֶעם
וֶועג פוּן מִשְׁפָּט:
24 פַאר דֶעם פְּנִים פוּן דֶעם פֶערְ־
שְׁטֶענְדִיגֶען אִיז חָכְמָה, אָבֶּער דִיא
אוֹיגֶען פוּן דֶעם נַאר זֶענֶען אִין דֶעם
עֶק פוּן דֶער עֶרְד:
25 אַ נַארִישֶׁער זוּהְן אִיז אֵיין עֶרְגֶערְ־
נִיס צוּ זֵיין פָאטֶער, אוּנְד אַ בִּיטֶערְקַייט
צוּ אִיהר וָואס הָאט אִיהְם גֶעבּוֹירֶען:
26 אוֹיךְ דֶעם צַדִיק צוּ שְׁטְרָאפֶען אִיז
נִיט גוּט, אָדֶער צוּ שְׁלָאגֶען דִיא
פִירְשְׁטֶען מֶעהְר ווִיא עֶס אִיז רֶעכְט:
27 וֶוער עֶס הַאלְט צוּרִיק זֵיינֶע
וֶוערְטֶער דֶער ווֵייסְט ווִיסֶענְשַׁאפְט,
אוּנְד דֶער וָואס הָאט אַ טֵייעֶר גֶעמִיט
אִיז אַ פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶער מַאן:
28 אַפִילוּ וֶוען אַ נַאר שְׁווַייגְט וֶוערְט
עֶר גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ חָכָם, אוּנְד
דֶער וָואס פֶערְשְׁלִיסְט זֵיינֶע לִיפֶּען
וֶוערְט גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ פֶערְשְׁטֶענְדִיי־
גֶען מֶענְשׁ:

## קאפיטעל יח

1 דוּרְךְ דִיא גְלוּסְטוּנְג זוּכְט אַ מֶענְשׁ
זִיךְ אָפְּצוּשֵׁיידֶען, אָבֶּער אִין אִיטְלִיכֶער
עֵצָה פוּן דִיא קְלוּגֶע מִישְׁט עֶר זִיךְ
אַרַיין:
2 דֶער נַאר הָאט קֵיין פֶערְלַאנְגֶען צוּ
פֶערְשְׁטַאנְד, נֵייעֶרְט אִין דֶער עֶנְטפְּלֶע־
קוּנְג פוּן זֵיין הַארְץ:
3 וֶוען דֶער רָשָׁע קוּמְט, אַזוי קוּמְט
אוֹיךְ מִיט אִיהְם שַׁאנְד, אוּנְד מִיט דֶער
שַׁאנְד אַ חֶרְפָּה:
4 דִיא וֶוערְטֶער פוּן אַ מֶענְשֶׁענְ'ס
מוֹיל זֶענֶען אַזוי ווִיא טִיפֶע וַואסֶערְן,
אוּנְד דֶער קְוַואל פוּן דִיא חָכְמָה אַזוי
ווִיא אַ פְלִיסֶענְדֶער טֵייךְ:
5 עֶס אִיז נִיט גוּט אַז מֶען זָאל
אָנְנֶעמֶען דָאס פָּנִים פוּן דֶעם רָשָׁע,
כְּדֵי אָפְּצוּנֵייגֶען דֶעם צַדִיק אִין דֶעם
מִשְׁפָּט:
6 דִיא לִיפֶּען פוּן אַ נַאר קוּמֶען צוּם
שְׁטְרֵייט, אוּנְד זֵיין מוֹיל רוּפְט צוּ
שְׁלֶעגֶערֵייא:
7 דָאס מוֹיל פוּן אַ נַאר אִיז זֵיינֶע
פֶערְטִילְגוּנְג, אוּנְד זֵיינֶע לִיפֶּען זֶענֶע

אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פַאר זַיין אֵיינֶען נֶפֶשׁ׃

8 דִיא װֶערְטֶער פוּן אַ הוֹלֵךְ רָכִיל זֶענֶען אַזוֹי וִויא װְואוּנְדֶען, אוּנְד זֵייא גֵייעֶן אַרוּפּ צוּ דִיא חֲדָרִים פוּן דֶעם בּױךְ׃

9 דֶער װָאס אִיז פוֹיל אִין זַיינֶע אַרְבֵּייט, אִיז אַ בְּרוּדֶער צוּ דֶעם װָאס אִיז אַ גְרוֹיסֶער פֶערְדָארְבֶּער׃

10 דֶער נָאמֶען פוּן גָאט אִיז אַ שְׁטַארְקֶער טוּרֶעם, דֶער צַדִיק לוֹיפְט דַארִין אַרֵיין אוּנְד אִיז זִיכֶער׃

11 דֶעם רֵייכֶען מַאנְ'ס פֶערְמֶעגֶען זֶענֶען זַיינֶע שְׁטַארְקֶע שְׁטֶעט, אוּנְד אַזוֹי וִויא אַ הוֹיכֶע מוֹיעֶר אִיז זַיינֶע אֵיינְבִּילְדוּנְג׃

12 דֶעם מֶענְשֶׁענְ'ס הַארְץ דֶערְהֵייכְט זִיךְ בֶּעפָאר אַ בְּרָאךְ, אָבֶּער אֵיידֶער אֵיינֶער בֶּעקוּמְט כָּבוֹד מוּז עֶר הָאבֶּען עֲנָוָה׃

13 דֶער װָאס עֶנְטְפֶערְט אַ זַאךְ אֵיידֶער עֶר הֶערְט עֶס גוּט אוֹיס, דָאס אִיז צוּ אִיהְם נַארִישׁ אוּנְד אַ שַׁאנְד׃

14 דָאס גֶעמִיט פוּן אַ מֶענְשׁ מַאכְט אִיהְם אוֹיסְהַאלְטֶען זַיינֶע קְרַאנְקְהֵייט, אָבֶּער אַ בֶּעטְרִיבְּטֶעס גֶעמִיט װֶער קֶען עֶס דֶערְטְרָאגֶען?

15 דָאס הַארְץ פוּן דֶעם פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶען שַׁאפְט זִיךְ אָן וִויסֶענְשַׁאפְט, אוּנְד דָאס אוֹיעֶר פוּן דִיא חֲכָמִים זוּכֶען וִויסֶענְשַׁאפְט׃

16 אַ מֶענְשֶׁענְ'ס מַתָּנָה מַאכְט פַאר אִיהְם אַ בְּרֵייטֶען פְּלַאץ, אוּנְד עֶס פִיהְרְט אִיהְם פַאר דִיא גְרוֹיסֶע לֵייט׃

17 דֶער עֶרְשְׁטֶער אִין זַיין קְרִיג מֵיינְט אַז עֶר אִיז גֶערֶעכְט, אָבֶּער װֶען זַיין חָבֵר קוּמְט דֶער פָארְשְׁט אִיהְם אוֹיס׃

18 דָאס גוֹרָל מַאכְט דֶעם שְׁטְרֵייט אוֹיפְהֶערֶען, אוּנְד צוּשֵׁיידֶעט צְוִוישֶׁען דִיא שְׁטַארְקֶע׃

19 אַ בֶּעלֵיידִיגְטֶער בְּרוּדֶער אִיז שְׁװֶערֶער צוּפְרִידֶען צוּ מַאכֶען וִויא אַ שְׁטַארְקֶע שְׁטָאט, אוּנְד זֵייעֶר שְׁטְרֵייט אִיז אַזוֹי וִויא דִיא רִיגֶעלֶן פוּן אַ פַּאלַאסְט׃

20 פוּן דִיא פֵּירוֹת פוּן דֶעם מֶענְשֶׁענְ'ס מוֹיל װֶערְט זַיין בּױךְ זַאט, אוּנְד פוּן דֶעם אֵיינְקוּמֶען פוּן זַיינֶע לִיפֶּען זָאל עֶר זַאט װֶערֶען׃

21 טוֹיט אוּנְד לֶעבֶּען אִיז דוּרְךְ דִיא צוּנְג, אוּנְד אִיהְרֶע לִיבְּהָאבֶּערְס עֶסֶען פוּן אִיהְרֶע פֵּירוֹת׃

22 דֶער װָאס גֶעפִינְט אַ (גוּט) װַייבּ דֶער גֶעפִינְט גוּטֶעס, אוּנְד עֶר װֶעט הָאבֶּען אַ װָאוילְגֶעפַאלֶען פוּן גָאט׃

23 דֶער אָרֶעמֶער רֶעט מִיט גֶעבֶּעט, אָבֶּער דֶער עוֹשֶׁר עֶנְטְפֶערְט מִיט עַזוּת'קַייט׃

24 אַ מֶענְשׁ װָאס הָאט פְרֵיינְד מוּז זִיךְ פְרֵיינְדְלִיךְ בֶּעװֵייזֶען, אוּנְד עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ פְרֵיינְד װָאס בֶּעהֶעפְט זִיךְ מֶעהְר וִויא אַ בְּרוּדֶער׃

## קאפיטעל יט

1 אַיין אָרֶעמֶער װָאס גֵייט אַרוּם אִין זַיינֶע אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט אִיז בֶּעסֶער דֶען דֶער װָאס פֶערְקְרִימְט זַיינֶע לִיפֶּען אוּנְד אִיז אַ נַאר׃

2 אוּנְד דֶער װָאס אִיז אָהְן וִויסֶענְשַׁאפְט אִיז אוֹיךְ נִיט גוּט, אוּנְד דֶער װָאס אֵיילְט מִיט זַיינֶע פִיס זִינְדִיגְט׃

3 דֶעם מֶענְשֶׁענְ'ס נַארִישְׁקֵייט פֶערְדְרֵייט זַיין װֶעג, אוּנְד קֶעגֶען גָאט צָארְנְט זַיין הַארְץ׃

4 רֵייכְטוּם פֶערְמֶעהְרְט פִילֶע פְרֵיינְד,

אוּנְד פוּן אֵיין אָרֶעמֶען װֶערֶען אַפִּילוּ
זַיינֶע פְרֵיינְד אָפְּגֶעשֵׁייד:
5 אַ פַאלְשֶׁער עֵדוּת װֶעט נִיט אוּמְ־
בֶּעשְׁטְרָאפְט בְּלֵייבֶּען, אוּנְד דֶער וָואס
זָאגְט לִיגֶען װֶעט אוֹיךְ נִיט עַנְטְרִינֶען:
6 פִילֶע בֶּעטֶען אָן דָאס פָּנִים פוּן
דֶעם עֶדֶעלֶן מֶענְשׁ, אוּנְד אִיטְלִיכֶער
אִיז אַ פְרֵיינְד צוּ דֶעם וָואס גֶעט
מַתָּנוֹת:
7 אַלֶע בְּרִידֶער פוּן דֶעם אָרֶעמֶען
הָאבֶען אִיהְם פֵיינְד, מִכָּל־שֶׁכֵּן טְהוּן
דָאס זַיינֶע פְרֵיינְד וָואס הָאבֶען זִיךְ
דֶערְוַוייטֶערְט פוּן אִיהְם? עֶר זָאגְט
זֵייא נָאךְ מִיט װֶערְטֶער דָאךְ זֶענֶען
זֵייא גָאר נִיט צוּ אִיהְם:
8 דֶער וָואס שַׁאפְט זִיךְ אָן אַ פֶערְ־
שְׁטֶענְדִיג הַארְץ לִיבְּט זִיךְ אַלֵיין, אוּנְד
דֶער וָואס הִיט פֶערְשְׁטֶענְדִיגְקַייט װֶעט
גוּטֶעס גֶעפִינֶען:
9 אַ פַאלְשֶׁער עֵדוּת װֶעט נִיט אוּמְ־
גֶעשְׁטְרָאפְט בְּלֵייבֶּען, אוּנְד דֶער וָואס
זָאגְט לִיגֶען װֶעט פֶערְלוֹירֶען װֶערֶען:
10 עֶס אִיז נִיט שֵׁיין פַאר אַ נַאר אַז
עֶר זָאל הָאבֶּען אַ תַּעֲנוּג, מִכָּל שֶׁכֵּן
פַאר אַ קְנֶעכְט אַז עֶר זָאל גֶעוָועלְטִיגֶען
אִיבֶּער פִירְשְׁטֶען:
11 עֶס אִיז דֶעם מֶענְשֶׁענְ'ס שֵׂכֶל אַז
עֶר זָאל דֶערְלֶענְגֶערְן זַיין צָארְן, אוּנְד
עֶס אִיז זַיינֶע הֶערְלִיכְקַייט אַז עֶר זָאל
יֶענֶעם מוֹחֵל זַיין דִיא זִינְד:
12 דֶעם מֶלֶךְ'ס צָארְן אִיז אַזוֹי וִויא
דָאס גֶעשְׁרֵייא פוּן אַ יוּנְגֶען לֵייבּ,
אָבֶּער זַיין װאוֹילְגֶעפַאלֶען אִיז אַזוֹי וִויא
דֶער טוֹיא אוֹיף דֶעם גְרָאז:
13 אַ נַארִישֶׁער זוּהְן אִיז אַ בְּרֶעכֶענִיש
צוּ זַיין פָאטֶער, אוּנְד דִיא צַאנְקֶערִישֶׁע
פְרוֹי אִיז אַזוֹי וִויא דִיא בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶע
טְרָאפֶּען פוּן רֶעגֶען:
14 אַ הוֹיז אוּנְד פֶערְמֶעגֶען אִיז דִיא
יְרוּשָּׁה פוּן עֶלְטֶערְן, אָבֶּער אַ קְלוּגֶע
פְרוֹיא אִיז פוּן גָאט:
15 פוֹילְהֵייט מַאכְט פַאלֶען אִין טִיפֶען
שְׁלָאף, אוּנְד אַ פַאלְשׁ נֶפֶשׁ װֶעט מוּזֶען
הוּנְגֶערְן:
16 דֶער וָואס הִיט דִיא מִצְוָה הִיט
זַיין נֶפֶשׁ, אָבֶּער דֶער וָואס אִיז מְבַזֶּה
זַיין וֶועג װֶעט שְׁטַארְבֶּען:
17 דֶער וָואס דֶערְבַּארְמְט זִיךְ אִיבֶּער
דֶעם אָרֶעמֶען בָּארְגְט צוּ גָאט, אוּנְד
פַאר זַיין גְמִילוּת חֶסֶד װֶעט עֶר אִיהְם
בֶּעצָאלֶען:
18 שְׁטְרָאף דֵיין זוּהְן וַוייל עֶס אִיז
נָאךְ דָא אַ הָאפֶענוּנְג, אָבֶּער דֵיין
ווילֶען זָאל נִיט זַיין אִיהְם צוּ טֵייטֶען:
19 אַ מֶענְשׁ פוּן גְרוֹיסֶען צָארְן װֶעט
טְרָאגֶען זַיינֶע שְׁטְרָאף, אָבֶּער װֶען דוּא
װֶעסְט אִיהְם (אֵיינְמָאל) מַצִּיל זַיין אַזוֹי
װֶעסְט דוּא עֶס מוּזֶען מֶעהְר טְהוּן:
20 הֶער צוּ (אַ גוּטֶע) עֵצָה אוּנְד נֶעם
אָן מוּסָר, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט קְלוּג זַיין
אִין דֵיין עֶנְד:
21 פִיל גֶעדַאנְקֶען זֶענֶען אִין דֶעם
מֶענְשֶׁענְ'ס הַארְץ, אָבֶּער גָאטְ'ס עֵצָה
װֶעט בֶּעשְׁטֵיין בְּלֵייבֶּען:
22 דָאס גְלוּסְטֶען פוּן אַ מֶענְשׁ אִיז
(אַזוֹי וִויא) זַיין חֶסֶד, אוּנְד עֶס אִיז
בֶּעסֶער צוּ זַיין אֵיין אָרֶעמֶער מַאן
אַלְס אַ לִיגְנֶער:
23 דִיא פָארְכְט פַאר גָאט פִיהְרְט
צוּם לֶעבֶּען, אוּנְד (דֶער וָואס הָאט
דָאס) װֶעט זַאט בְּלֵייבֶּען, אוּנְד קֵיין
שׁוּם בֵּייז װֶעט אִיהְם בֶּעזוּכֶען:
24 אַ פוֹילֶער מֶענְשׁ בֶּעהַאלְט זַיינֶע
הַאנְד אִין זַיין בּוּזֶעם, אַפִּילוּ זִיא צוּרִיק

צו בְּרֶענגֶען צו זַיין מויל איז עֶר אויךְ
צו פויל :
25 וֶוען דוא וֶועסְט דֶעם שְׁפֶּעטֶער
שְׁלָאגֶען אַזוי וֶועט דֶער נַאר קְלוּג
וֶוערֶען, אונְד וֶוען מֶען שְׁטְרָאפְט דֶעם
פֶערשְׁטֶענְדִיגֶען, אַזוי וֶועט עֶר פֶער־
שְׁטֵיין וויסֶענְשַׁאפְט :
26 דֶער וָואס בֶּערוֹיבְּט זַיין פָאטֶער
אונְד מַאכְט זַיינֶע מוּטֶער עֶנְטְלוֹיפֶען
אִיז אַ זוּהְן וָואס מַאכְט שַׁאנְד אונְד
פֶערְשֶׁעהְמְט :
27 מַיין זוּהְן, לָאז אָפּ צוּ הֶערֶען דֶעם
מוּסָר וָואס מַאכְט פֶערְאִירֶען פוּן דִיא
רֵייד פוּן וויסֶענְשַׁאפְט :
28 אַ שְׁלֶעכְטֶער עֵדוּת שְׁפֶּעט פוּן
מִשְׁפָּט, אונְד דָאס מויל פוּן דִיא
רְשָׁעִים פֶערשְׁלִינְגֶען אוּמְרֶעכְט :
29 מִשְׁפָּטִים זֶענֶען אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר
דִיא שְׁפֶּעטֶער, אונְד שְׁלֶעג פַאר דֶעם
רִיקֶען פוּן דִיא נַארוֹנִים :

## קאפיטעל כ

1 אַ שְׁפֶּעטֶער אִיז דֶער (וָואס טְרִינְקְט)
וויין, שְׁטַארְקֶע גֶעטְרֶענְק מַאכְט לַארְ־
מֶען, אונְד אִיטְלִיכֶער וָואס וֶוערְט
דַאדוּרךְ פֶערְאִירְט אִיז נִיט קְלוּג :
2 דִיא פָארְכְט פַאר אַ מֶלֶךְ אִיז אַזוי
וִויא פַאר אַ גֶעשְׁרֵייא פוּן אַ יוּנְגֶען
לֵייב, דֶער וָואס רֶערְצָארְנְט אִיהְם
זִינְדִיגְט קֶעגֶען זִיךְ אַלֵיין :
3 עֶס אִיז אַ כָּבוֹד פַאר אַ מֶענְשׁ אַז
עֶר זָאל זִיךְ צוּרִיקְהַאלְטֶען פוּן קְרִיג,
אָבֶּער אִיטְלִיכֶער נַאר מִישְׁט זִיךְ
אַרֵיין :
4 דֶער פוֹילֶער וִויל נִיט אַקֶערְן ווייל
עֶס אִיז קַאלְט, אונְד וֶוען עֶר בֶּע־
גֶעהְרְט (פֵּירוֹת) אִין דֶער שְׁנִיט־צֵייט,
אַזוי זֶענֶען קֵיינֶע דָא :
5 אַ גוּטֶע עֵצָה אִין דֶעם מֶענְשֶׁענְ'ס
הַארְץ אִיז אַזוי וִויא טִיפֶע וַואסֶערְן,
אָבֶּער אַ פֶערשְׁטֶענְדִיגֶער מַאן שֶׁעפְּט
עֶס אוֹיס :
6 דִיא מֵייסְטֶע מֶענְשֶׁען רוּפֶען אוֹיס
אִיטְלִיכֶער זַיין אֵייגֶען חֶסֶד, אָבֶּער אַ
גֶעטְרֵייעֶר מֶענְשׁ וֶוער קֶען אִיהְם גֶע־
פִינֶען ?
7 וֶוען דֶער צַדִיק גֵייט אַרוֹיס אִין
זַיינֶע אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט, וְואוֹיל אִיז זַיינֶע
קִינְדֶער נָאךְ אִיהְם :
8 אַ מֶלֶךְ וָואס זִיצְט אוֹיף דֶעם שְׁטוּל
פוּן מִשְׁפָּט צוּשְׁפְּרֵייט אַלֶעס שְׁלֶעכְטֶע
מִיט זַיינֶע אוֹיגֶען :
9 וֶוער קֶען זָאגֶען אִיךְ הָאבּ מַיין
הַארְץ רֵיין גֶעמַאכְט, אִיךְ בִּין רֵיין פוּן
זִינְדֶען ?
10 צְווייעֶרְלֵייא גֶעווִיכְט אונְד צְוֵויי־
עֶרְלֵייא מָאס, זֵייא זֶענֶען בֵּיידֶע אֵיינֶע
אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט פַאר גָאט :
11 אַפִּילוּ אַ קִינְד קֶען מֶען דֶערְקֶענֶען
דוּרךְ זַיינֶע מַעֲשִׂים, אוֹיבּ זַיינֶע וֶוערְק
זֶענֶען לוֹיטֶער אָדֶער אוֹיבּ זֵייא זֶענֶען
רֶעכְטשַׁאפֶען :
12 דָאס אוֹיעֶר וָואס הֶערְט אונְד דָאס
אוֹיג וָואס זֶעהְט, גָאט הָאט זֵייא בֵּיידֶע
בֶּעשַׁאפֶען :
13 לִיבּ נִיט צוּ שְׁלָאפֶען, וָוארִין
טָאמֶער וֶועסְט דוּא פֶערְאָרֶעמְט וֶוערֶען,
מַאךְ אוֹיף דֵיינֶע אוֹיגֶען כְּדֵי דוּא זָאלְסְט
זַאט וֶוערֶען מִיט בְּרוֹיט :
14 עֶס אִיז שְׁלֶעכְט, עֶס אִיז שְׁלֶעכְט,
זָאגְט דֶער קוֹיפֶער, אָבֶּער וֶוען עֶר
גֵייט אַוֶועק אַזוי רִיהְמְט עֶר זִיךְ :
15 עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען גָאלְד אונְד
פִיל פֶּערֶעלְן, אָבֶּער דָאס טֵייעֶרְסְטֶע כֵּלִי
זֶענֶען דִיא לִיפֶען פוּן וויסֶענְשַׁאפְט :

16 נֶעם אַװֶעק זַײן קְלֵײד פֿוּן דֶעם
װָאס אִיז אֵײן עָרֵב פַֿאר אַ פְֿרֶעמְדֶען,
אוּנְד אַ מַשְׁכּוֹן פֿוּן דֶעם װָאס אִיז
שוּלְדִיג פַֿאר אַ פְֿרֶעמְדֶער װַײבּ׃
17 דָאס בְּרוֹיט פֿוּן פַֿאלְשְׁקֵייט אִיז
זִיס צוּ אַ מֶענְשׁ, אָבֶּער דֶערְנָאךְ װֶערְט
זַײן מוֹיל פֿוּל מִיט קְלֵיינֶע שְׁטֵיינְלֶעךְ׃
18 דוּרְךְ אֵיינֶע עֵצָה װֶערֶען מַחֲשָׁבוֹת
אָנְגֶעבְּרֵייט, אוּנְד דוּרְךְ גוּטֶע אִיבֶּערְ־
לֵייגוּנְג הַאלְט מִלְחָמָה׃
19 אַ הוֹלֵךְ רָכִיל עֶנְטְפְּלֶעקְט אַ סוֹד,
אוּנְד מִיט דֶעם װָאס מַאכְט װֵייט אוֹיף
זַיינֶע לִיפֶּען זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט
אַרֵיינְמִישֶׁען׃
20 דֶער װָאס שֶׁעלְט זַיין פָּאטֶער אוּנְד
זַיינֶע מוּטֶער דֶעם װֶערְט זַיין לִיכְט
פֶֿערְלָאשֶׁען אִין גְרוֹיסֶע פִֿינְסְטֶערְנִיס׃
21 אַ נַחֲלָה װָאס װֶערְט צוּגֶערְשְׁט
אָנְגֶעשַׁאפְֿט אִין אֵייל, דָאס װֶעט אַם
עֶנְד נִיט גֶעבֶּענְשְׁט זַיין׃
22 דוּא זָאלְסְט נִיט זָאגֶען אִיךְ װֶעל
שְׁלֶעכְטֶעס בֶּעצָאלֶען, גֵייעֶרְט הָאף אוֹיף
גָאט, אוּנְד עֶר װֶעט דִיר הֶעלְפֶֿען׃
23 צְװֵייעֶרְלֵייא גֶעוִויכְטֶער זֶענֶען אֵיינֶע
אוּמְװֶערְדִיגְקֵייט צוּ גָאט, אוּנְד פַֿאלְשֶׁע
װָאגְשָׁאלֶען זֶענֶען נִיט גוּט׃
24 דִיא טְרִיט פֿוּן אַ מֶענְשׁ זֶענֶען
(בֶּעשְׁטִימְט) פֿוּן גָאט, אָבֶּער װֶעלְכֶער
מֶענְשׁ פֶֿערְשְׁטֵייט זַיין אֵייגֶענֶעם װֶעג?
25 עֶס אִיז אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פַֿאר אַ
מֶענְשׁ דָאס הֵיילִיגֶע צוּ פֶֿערְשְׁלִינְגֶען,
אוּנְד נָאךְ נְדָרִים צוּ פָֿארְשֶׁען׃
26 אַ קְלוּגֶער מֶלֶךְ צוּשְׁטְרֵייעֶט דִיא
רְשָׁעִים, אוּנְד עֶר בְּרֶענְגְט אִיבֶּער
זֵייא אַ רָאד׃
27 אַ לִיכְט פֿוּן גָאט אִיז דִיא נְשָׁמָה
פֿוּן דֶעם מֶענְשׁ, װָאס זוּכְט אוֹיס
אַלֶע חֲדָרִים פֿוּן דֶעם לֵייבּ׃
28 חֶסֶד אוּנְד אֱמֶת בֶּעהִיטֶען דֶעם
מֶלֶךְ, אוּנְד דוּרְךְ חֶסֶד אִיז זַיין טְרוֹין־
שְׁטוּל אוּנְטֶערְגֶעלֶעהְנְט׃
29 דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פֿוּן יוּנְגֶע לֵייט
אִיז זֵייעֶר כּוֹחַ, אָבֶּער דִיא שֵׁיינְהֵייט
פֿוּן אַלְטֶע לֵייט אִיז זֵייעֶרֶע גְרוֹיעֶ
הָאר׃
30 בֵּיילֶען אוּנְד װוּנְדֶען זֶענֶען אַ
רֵיינִיגוּנְג פַֿאר דֶעם בֵּייזֶען, אַזוֹי אוֹיךְ
מַכּוֹת אִינְעֶװֵיינִיג פֿוּן דֶעם לֵייבּ׃

## קאפּיטעל כא

1 דָאס הַארְץ פֿוּן אַ מֶלֶךְ אִיז אִין
דִיא הַאנְד פֿוּן גָאט אַזוֹי װִיא
װַאסֶער־טֵייכֶען, װָאס עֶר נֵייגְט אַהִין
אַלֶערְטְװֶעגֶען װָאוּ עֶר װִיל׃
2 אִיטְלִיכֶער װֶעג פֿוּן אַ מֶענְשׁ אִיז
רֶעכְט אִין זַיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער
גָאט װֶעגְט אָפּ דִיא הֶערְצֶער׃
3 צוּ טְהוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד רֶעכְט
אִיז בֶּעסֶער צוּ גָאט װִיא קָרְבָּנוֹת׃
4 הוֹיכֶע אוֹיגֶען אוּנְד אַ שְׁטָאלְץ
הַארְץ, אוּנְד דָאס לִיכְט פֿוּן דִיא
רְשָׁעִים (אַלֶע) זֶענֶען זִינְד׃
5 דִיא גֶעדַאנְקֶען פֿוּן דֶעם פְלֵייסִיגֶען
פִֿיהְרְט נָאר צוּ דֶעם אִיבֶּערְפְֿלוּס,
אָבֶּער דֶער װָאס אִיז אֵיילִיג דֶעם
פֶֿעהְלְט עֶס נָאר׃
6 דֶער װָאס אַרְבֵּייט פַֿאר אוֹצָרוֹת
דוּרְךְ אַ פַֿאלְשֶׁע צוּנְג, אִיז אַ פֶֿער־
שְׁטוֹיסֶענֶע נַארִישְׁקֵייט פֿוּן דִיא װָאס
זוּכֶען דֶעם טוֹיט׃
7 דִיא רוֹיבֶּערֵייא פֿוּן דִיא רְשָׁעִים
װֶעט זֵייא פֶֿערְטִילְגֶען, װֵייל זֵייא װִילֶען
נִיט טְהוּן קֵיין מִשְׁפָּט׃
8 דֶער װֶעג פֿוּן דֶעם מֶענְשׁ װָאס
אִיז פֶֿערְפְֿרֶעמְד אִיז אִין גַאנְצֶען
פֶֿערְקֶעהְרְט

פֶערקֶעהְרְט, אָבֶער אַיין לויטֶערֶער
(מַאן) אִיז רֶעכְטפַארְטִיג אִין זַיין וֶוערְק:
9 עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ וְואוֹינֶען אִין אַ
ווִינְקֶעל פוּן דַאךְ, אֵיידֶער מִיט אַ
צַאנְקֶערִישֶׁען ווַייבּ אִין אַ (גְרויסֶען)
בְּרֵייטֶען הויז:
10 דָאס נֶפֶשׁ פוּן דֶעם רָשָׁע גְלוּסְט
נָאר שְׁלֶעכְטֶעס, זַיין חַבֵר הָאט קֵיין
חֵן אִין זַיינֶע אויגֶען:
11 וֶוען דֶער שְׁפֶּעטֶער וֶוערְט בֶּע־
שְׁטְרָאפְט אַזוֹי וֶוערְט דֶער נַאר קְלוּג,
אוּנְד וֶוען עֶר בֶּעטְרַאכְט דֶעם חָכָם
אַזוֹי נֶעמְט עֶר אָן ווִיסֶענְשַׁאפְט:
12 דֶער צַדִיק בֶּעטְרַאכְט גוּט דָאס
הויז פוּן דֶעם רָשָׁע, אָבֶער גָאט
וַוארְפְט אוּם דִיא רְשָׁעִים צוּם בֵּייזֶען:
13 דֶער וָואס פֶערשְׁטָאפְּט זַיינֶע
אויעֶרֶען פוּן דֶעם גֶעשְׁרֵייא פוּן דֶעם
אָרֶעמֶען, אַזוֹי וֶועט מֶען אִיהְם אויךְ
נִיט עֶנְטפֶערְן וֶוען עֶר וֶועט רוּפֶען:
14 אַ מַתָּנָה אִים פֶערְבָּארְגֶענֶעם נֵייגְט
אָפּ צָארְן, אוּנְד שׁוֹחַד אִין דֶעם בּוּזֶעם
בְּרֶענְגְט אַ שְׁטַארְקֶען צָארְן:
15 עֶס אִיז אַ פְרֵייד פַאר דֶעם צַדִיק
רֶעכְט צוּ טְהוּן, אָבֶער דִיא וָואס
טְהוּעֶן אוּמְרֶעכְט וֶועלֶען פֶערשְׁנִיטֶען
וֶוערֶען:
16 אַ מֶענְשׁ וֶועלְכֶער פֶערְאִירְט זִיךְ
פוּן דֶעם פֶערשְׂטֶענְדִיגֶען וֶועג, וֶועט
רוּהֶען אִין דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן דִיא
טוֹיטֶע:
17 אַ מֶענְשׁ וָואס לִיבְּט (תָּמִיד)
שִׂמְחָה דֶעם וֶועט עֶס פֶעהְלֶען, דֶער
וָואס לִיבְּט ווַיין אוּנְד אֵייל דֶער וֶועט
נִיט זַיין רֵייךְ:
18 דֶער רָשָׁע וֶועט זַיין אַ כַּפָּרָה פַאר
דֶעם צַדִיק, אוּנְד דֶער פַאלְשֶׁער
אָנְשְׁטָאט דֶעם רֶעכְטפַארְטִיגֶען:
19 עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ וְואוֹינֶען אִין
דֶער מִדְבָּר אֵיידֶער מִיט אַ ווַייבּ וָואס
אִיז צַאנְקֶערִישׁ אוּנְד צָארְנִיג:
20 אִין דֶער וְואוֹינוּנְג פוּן דֶעם חָכָם
אִיז (תָּמִיד) אַיין גְלוּסְטִיגֶער אוֹצָר אוּנְד
אֵייל, אָבֶער דֶער נַארִישֶׁער מֶענְשׁ
שְׁלִינְגְט עֶס בַּאלְד אַיין:
21 דֶער וָואס יָאגְט נָאךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
אוּנְד חֶסֶד, וֶועט גֶעפִינֶען לֶעבֶּען
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד כָּבוֹד:
22 אַ חָכָם גֵייט אַרוֹיף אִין דִיא
שְׁטָאט פוּן דִיא גִבּוֹרִים, אוּנְד עֶר
בְּרֶענְגְט אַרוּפּ דֶעם שְׁטַארְקֶען בִּטָחוֹן
דֶערְפוּן:
23 דֶער וָואס הִיט זַיין מוֹיל אוּנְד
זַיינֶע צוּנְג, דֶער הִיט זַיין נֶפֶשׁ פוּן
צָרוֹת:
24 אַ שְׁטָאלְצֶער אוּנְד אַ מוּטְווִילִיגֶער,
זַיין נָאמֶען אִיז שְׁפֶּעטֶער (לֵץ), עֶר
טְהוּט אַלֶעס מִיט מוּטְווִילִיגֶען צָארְן:
25 וָואס דֶעם פוֹילֶען גְלוּסְט דָאס
טְהוּט אִיהְם טֵייטֶען, וָוארִין עֶר ווִיל
נִיט אַרְבֵּייטֶען מִיט זַיינֶע הֶענְד:
26 דֶעם גַאנְצֶען טָאג גְלוּסְט אִיהְם אַ
גְלוּסְטוּנְג, אָבֶער דֶער צַדִיק הֶערְט נִיט
אויף צוּ גֶעבֶּען:
27 דָאס קָרְבָּן פוּן דִיא רְשָׁעִים אִיז
אֵיינֶע אוּמְווירְדִיגְקֵייט, מִכָּל־שֶׁכֵּן וֶוען
זֵייא בְּרֶענְגֶען עֶס מִיט בֵּייזֶע גֶע־
דַאנְקֶען:
28 אַ פַאלְשֶׁער עֵדוּת וֶועט פֶערְלוירֶען
וֶוערֶען, אָבֶער דֶער וָואס הֶערְט וֶועט
אִימֶער רֶעדֶען:
29 דֶער רָשָׁע אִיז אַיין עַזוּת פָּנִים,
אָבֶער אַ רֶעכְטפַארְטִיגֶער מַאן פֶער־
שְׁטֵייט זַיין וֶועג:

30 עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין חָכְמָה, אוּנְד
קֵיין פֶערשְׁטַאנְד אוּנְד קֵיינֶע עֵצָה
אֶנְטְקֶעגֶען גָאט :
31 דָאס פֶערְד אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט אוֹיף
דֶעם טָאג פוּן דֶער מִלְחָמָה, אָבֶּער
דִיא הִילְף אִיז פוּן גָאט :

קאפיטעל כב

1 אַ גוּטֶער נָאמֶען אִיז מֶעהְר אוֹיסְ־
צוּדֶערְוֶוייְלֶען וִויא פִיל רֵייכְטוּם, אוּנְד
אַ גוּטֶער חֵן מֶעהְר וויא פוּן גָאלְד
אוּנְד זִילְבֶּער :
2 דֶער עוֹשֶׁר אוּנְד דֶער אָרֶעמֶער
בֶּעגֶעגְנֶען זִיךְ צוּזַאמֶען, אָבֶּער גָאט
אִיז דֶער בֶּעשֶׁעפֶער פוּן אַלֶע :
3 דֶער קְלוּגֶער זֶעהְט דָאס בֵּייזֶע
(קוּמֶען), אוּנְד פֶערְבָּארְגְט זִיךְ, אָבֶּער
דִיא נַארִישֶׁע גֵייעֶן פֶערְבֵּייא אוּנְד זֵייא
וָוערֶען גֶעשְׁטְרָאפְט :
4 פוּן וֶועגֶען עֲנָוָה אִיז גָאטֶעס
פָארְכְט, רֵייכְטוּם, כָּבוֹד אוּנְד לֶעבֶּען :
5 דֶערְנֶער אוּנְד גְעצֶען זֶענֶען אוֹיף
דֶעם פֶערקְרִימְטֶען וֶועג, דֶער וָואס
הִיט זֵיין נֶפֶשׁ וֶועט זִיךְ פוּן זֵייא
דֶערְוֵוייטֶערְן :
6 גֶעוֵוין דֶעם יוּנְג נָאךְ זֵיין וֶועג
וָואס עֶר זָאל גֵיין, אַפִּילוּ וֶוען עֶר
וֶועט אַלְט וֶוערֶען וֶועט עֶר זִיךְ אוֹיךְ
נִיט פוּן אִיהְם אָפְּקֶעהְרֶען :
7 דֶער רֵייכֶער גֶעוֶועלְטִיגְט אִיבֶּער
דֶעם אָרֶעמֶען, אוּנְד דֶער וָואס בָּארְגְט
זִיךְ אִיז אַ קְנֶעכְט צוּ דֶעם וָואס
עֶנְטְלֵייעֶט :
8 דֶער וָואס זֵייעֶט אוֹיס אוּמְרֶעכְט
דֶער שְׁנֵייט אוֹיךְ אוּמְרֶעכְט, אוּנְד
דִיא רוּט פוּן זֵיין גְרִימְצָארְן וֶועט
פֶערְלֶענְט וֶוערֶען :
9 דֶער וָואס הָאט אַ גוּט אוֹיג וֶועט
גֶעבֶּענְשְׁט וֶוערֶען, וָוארִין עֶר גֶעט פוּן
זֵיין בְּרוֹיט צוּ דֶעם אָרֶעמֶען מַאן :
10 פֶערטְרֵייבּ דֶעם שְׁפֶּעטֶער אַזוֹי
וֶועט דֶער קְרִיג אַרוֹיסְגֵיין, אוּנְד דֶער
שְׁטְרֵייט אוּנְד שַׁאנְד וֶועט אוֹיפְהֶערֶען :
11 דֶער וָואס לִיבְּט מִיט אַ רֵיין
הַארְץ, אוּנְד הָאט חֵן אִין זֵיינֶע לִיפֶּען,
דֶער אִיז אַ פְרֵיינְד פוּן דֶעם מֶלֶךְ :
12 דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט הִיטֶען
וִויסֶענְשַׁאפְט, אָבֶּער עֶר פֶערקְרִימְט
דִיא רֵייד פוּן דֶעם וָואס פֶעלְשְׁט :
13 דֶער פוֹילֶער זָאגְט, דְרוֹיסֶען אִיז
אַ לֵייבּ, אוּנְד אִין מִיטֶען גַאס וֶועל
אִיךְ דֶערשְׁלָאגֶען וֶוערֶען :
14 דָאס מוֹיל פוּן אַ פְרֶעמְדֶע (פְרוֹיא)
אִיז וִויא אַ טִיפֶע גְרוּבּ, וֶוער עֶס אִיז
פוּן גָאט פֶערְצָארְנְט דֶער פַאלְט דָארְט
אַרֵיין :
15 נַארִישְׁקֵייט אִיז אָנְגֶעקְנִיפְּט אִין
דֶעם הַארְץ פוּן אַ יוּנְג, אָבֶּער דִיא
שְׁטְרָאף־רוּט וֶועט אִיהְם דֶערְפוּן דֶערְ־
וֵוייטֶערְן :
16 דֶער וָואס אוּנְטֶערְדְרִיקְט דֶעם
אָרֶעמֶען כְּדֵי זִיךְ צוּ פֶערְמֶעהְרֶען,
אוּנְד וָואס גֶעט צוּ דֶעם רֵייכֶען· דֶעם
וֶועט גֶעוִויס פֶעהְלֶען (וֶועט פֶערְ־
אָרֶעמְט וֶוערֶען) :
17 נֵייג דֵיין אוֹיעֶר אוּנְד הֶער צוּ
דִיא וֶוערְטֶער פוּן דִיא חֲכָמִים, אוּנְד
טְהוּ דֵיין הַארְץ צוּ מֵיינֶע וִויסֶענְשַׁאפְט :
18 וָוארִין עֶס אִיז אַיין אָנְגֶענֶעמֶע
זַאךְ וֶוען דוּא וֶועסְט זֵייא הִיטֶען אִין
דֵיין לֵייבּ, זֵייא וֶועלֶען זֵיין אָנְגֶעבְּרֵייט
צוּזַאמֶען אוֹיף דֵיינֶע לִיפֶּען :
19 כְּדֵי דֵיינֶע פֶערְזִיכֶערוּנְג זָאל זֵיין
אוֹיף גָאט, הָאבּ אִיךְ עֶס דִיר הֵיינְט
גֶעלָאזְט וִויסֶען, גְרָאד דִיר :

20 האָב איך ניט צו דיר געשריבען דרייא־פאַכעדיג דורך (גוטע) עצות אונד וויסענשאַפט?

21 כדי דיר צו מאַכען וויסען דיא געוויסהייט פון דיא אמת'ע רייד, אַז דוא זאָלסט קענען ענטפערן אמת'ע רייד צו דיא וואָס האָבען צו דיר געשיקט:

22 דוא זאָלסט ניט בעגזלן דעם אָרעמען ווייל ער איז אָרעם, אונד דוא זאָלסט ניט דעם עלענדען צושטויסען אין דעם טויער:

23 וואָרין גאָט וועט קריגען זייער קריג, אונד ער וועט צושאַנדען מאַכען דאָס נפש פון זייערע רויבערס:

24 דוא זאָלסט דיך ניט צוגעזעלען מיט אַ צאָרניגען מענש, אונד מיט אַ גרימצאָרניגען מענש זאָלסט דוא ניט צוזאַמענקומען:

25 וואָרין טאָמער וועסט דוא דיך אָפּלערנען פון זיינע וועגען, אונד דוא וועסט צו דיר אַליין נעמען אַ שטרויכלונג:

26 דוא זאָלסט ניט זיין צווישען דיא וואָס געבען תקיעת כף, אָדער צווישען דיא וואָס זענען ערב פאַר שולדען:

27 וואָרין ווען דוא האָסט ניט צו בעצאָלען, פאַרוואָס זאָל מען דיר אַוועקנעמען דיין בעט פון אונטער דיר?

28 דוא זאָלסט ניט אַוועקריקען דיא אַלטע גרענעץ וואָס דיינע אבות האָבען געמאַכט:

29 זעהסט דוא אַ מענש פלייסיג אין זיינע מלאכה? אַ זאָלכער וועט פאַר־געשטעלט ווערען פאַר מלכים, ער וועט ניט פאַרגעשטעלט ווערען פאַר געמיינע לייט:

## קאַפּיטעל כג

1 ווען דוא טהוסט דיך זעצען צו עסען מיט אַ געוועלטיגען, אַזוי זאָלסט דוא פערשטיין ווער עס איז פאַר דיר:

2 אונד דוא זאָלסט ליבער דאָס מעסער אין דיינע קעהלע טהון, ווען דוא ביזט אַ מענש פון אַ גרויסען אַפּעטיט:

3 דוא זאָלסט ניט גלוסטען צו זיינע גוטע שפּייז, וואָרין עס איז שפּייז פון ליגען:

4 דוא זאָלסט דיך ניט בעמיהען רייך צו ווערען, הער אויף פון דיין אייגע־נעם פערשטאַנד:

5 ווילסט דוא דיינע אויגען טהון אויף אַ זאַך וואָס איז ניט פערהאַנדען? וואָרין רייכטום מאַכט זיך פליגעלן אַזוי וויא פון איין אָדלער אונד פליהט אַוועק קעגען דעם הימעל:

6 עס ניט דאָס ברויט פון דעם וואָס האָט אַ בייז אויג, אונד דוא זאָלסט ניט גלוסטען צו זיינע גוטע שפּייזען:

7 וואָרין אַזוי וויא ער דענקט אין זיך, אַזוי איז ער, עס אונד טרינק, זאָגט ער צו דיר, אָבער אין זיין האַרץ איז ער ניט מיט דיר:

8 דאָס שטיקעלע וואָס דוא האָסט געגעסען וועסט דוא אויסשפּייען, אונד דוא וועסט דיינע זיסע רייד פערלירען:

9 אין דיא אויערען פון אַ נאַר זאָלסט דוא ניט רעדען, וואָרין ער וועט מבזה זיין דיינע קלוגע רייד:

10 דוא זאָלסט ניט אַוועקריקען דיא אַלטע גרענעץ, אונד אויף דעם פעלד

פון

פוּן יְתוֹמִים זָאלְסְט דוּא נִיט קוּמֶען:
11 װָארִין זֵייעֶר דֶערלֵייזֶער אִיז
שְׁטַארְק, עֶר װֶעט מִיט דִיר קְרִיגֶען
זֵייעֶר קְרִיג:
21 לָאז מוּסָר אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֵיין
הַארְץ, אוּנְד אִין דֵיינֶע אוֹיעֶרֶען דִיא
רֵייד פוּן װִיסֶענְשַׁאפְט:
13 פֶערְמֵייד נִיט שְׁטְרָאף פוּן דֶעם
יוּנְג, װָארִין װֶען דוּא װֶעסְט אִיהְם
אַפִּילוּ שְׁלָאגֶען מִיט דִיא רוּט, אַזוֹי װֶעט
עֶר דָאךְ נִיט שְׁטַארְבֶען:
14 דוּא זָאלְסְט אִיהְם שְׁלָאגֶען מִיט
דִיא רוּט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם
מַצִיל זַיין פוּן דֶעם שְׁאוֹל:
15 מֵיין זוּהְן, װֶען דֵיין הַארְץ אִיז
קְלוּג אַזוֹי פְרֵייט זִיךְ אוֹיךְ מֵיין אֵייגֶען
הַארְץ:
16 יוֹא, אַפִּילוּ מֵיינֶע נִירֶען װֶעלֶען
זִיךְ פְרֵייעֶן, װֶען מֵיינֶע לִיפֶּען רֶעדֶען
רֶעכְטפַארְטִיגֶעם:
17 לָאז דֵיין הַארְץ נִיט מְקַנֵא זַיין
דִיא זִינְדֶער, נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט זַיין
אִין דִיא פָארְכְט פוּן גָאט דֶעם גַאנְצֶען
טָאג:
18 װָארִין עֶס אִיז פֶערהַאנְדֶען אֵיין
עֶנְד, אוּנְד דֵיינֶע הָאפֶענוּנְג װֶעט נִיט
אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען װֶערֶען:
19 אָבֶּער דוּא, מֵיין זוּהְן, הֶערְצוּ
אוּנְד זַייא קְלוּג, אוּנְד פִיהְר דֵיין הַארְץ
אוֹיף דֵיין גְרַאדֶען װֶעג:
20 דוּא זָאלְסְט נִיט זַיין צְװִישֶׁען דִיא
װַיין זוֹיפֶערְ'ס, אוּנְד דִיא פְלֵייש
פְרֶעסֶערְ'ס:
21 װָארִין אַ (זוֹלֵל וְסוֹבֵא), אַ זוֹיפֶער
אוּנְד פְרֶעסֶער װֶעט פֶערְאָרֶעמְט װֶערֶען,
אוּנְד צוּרִיסֶענֶע קְלֵיידֶער װֶעט דִיךְ
אָנְקְלֵיידֶען װֶען דוּא װֶעסְט דְרֶעמְלֶען:
22 הֶערְצוּ צוּ דֵיין פָאטֶער װָאס הָאט
דִיךְ גֶעװוּינְגֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט
מְבַזֶה זַיין דֵיינֶע מוּטֶער װֶען זִיא אִיז
אַלְט:
23 קוֹיף דִיר דֶעם אֱמֶת אוּנְד פֶערְ־
קוֹיף אִיהְם נִיט, אַזוֹי אוֹיךְ חָכְמָה
מוּסָר אוּנְד פֶערשְׁטַאנְד:
24 דֶער פָאטֶער פוּן דֶעם צַדִיק װֶעט
זִיךְ זֶעהְר פְרֵייעֶן, אוּנְד דֶער װָאס
גֶעװוּינְט אַ קְלוּג קִינְד אַזוֹי פְרֵייט עֶר
זִיךְ מִיט אִיהְם:
25 דֵיין פָאטֶער אוּנְד דֵיינֶע מוּטֶער
װֶעלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן, אוּנְד דִיא װָאס
הָאט דִיךְ גֶעבּוֹירֶען װֶעט זִיךְ פְרֵייעֶן:
26 מֵיין זוּהְן, גִיבּ צוּ מִיר דֵיין הַארְץ,
אַזוֹי װֶעלֶען דֵיינֶע אוֹיגֶען הִיטֶען מֵיינֶע
װֶעגֶען:
27 װָארִין אַ זוֹנָה אִיז אַ טִיפֶע זוּמְפּ,
אוּנְד אַ פְרֶעמְד װַייבּ אִיז אֵיינֶע
עֶנְגֶע גְרוּבּ:
28 װָארִין זִיא טְהוּט אוֹיךְ לוֹיעֶרֶען אַזוֹי
װִיא אַ רוֹיבֶּער, אוּנְד זִיא פֶערְמֶעהְרְט
פַאלְשְׁהֵייט אוּנְטֶער דִיא מֶענְשֶׁען:
29 צוּ װֶעמֶען אִיז װֵייא? צוּ װֶעמֶען
אִיז אַ קְלָאג? אוּנְד צוּ װֶעמֶען אִיז
קְרִיגֶערֵייא? אוּנְד צוּ װֶעמֶען אִיז
אוּמְזוּסְטֶע רֵייד? אוּנְד צוּ װֶעמֶען
זֶענֶען װוּאוּנְדֶען אוּמְזוּסְט? צוּ װֶעמֶען
זֶענֶען רוֹיטֶע אוֹיגֶען?
30 צוּ דִיא װָאס זוֹימֶען זִיךְ לַאנְג
בֵּייא דֶעם װַיין, צוּ דִיא װָאס קוּמֶען
צוּ זוּכֶען גֶעמִישְׁטֶען װַיין:
31 דוּא זָאלְסְט נִיט אָנְקוּקֶען דֶעם
װַיין װַייל עֶר אִיז רוֹיט, װָארִין עֶר גֶעט
זַיינֶע פַארְבּ צוּ דֶעם כּוֹס, װֶען עֶס
גֵייט רֶעכְט אַרוּם:
32 צוּם סוֹף בֵּייסְט עֶר װִיא אַ

שְׁלַאנְג, אוּנְד גְלֵייך ווִיא אַ גִיפְטִיגֶע שְׁלַאנְג שְׁטֶעכְט עֶס:

33 (אַז) דֵיינֶע אוֹיגֶען זָאלֶען זֶעהֶען פְּרֶעמְדֶע ווַייבֶּער, אוּנְד דֵיין הַארְץ וֶועט רֶעדֶען פֶּערְקֶעהְרְטֶע זַאכֶען:

34 אוּנְד דוּא וֶועסְט זַיין אַזוֹי ווִיא אַיינֶער וָואס לִיגְט אִין מִיטֶען פוּן דֶעם יַם, אוּנְד אַזוֹי ווִיא דֶער וָואס לִיגְט אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן אַ זֶעגֶעל-בּוֹים:

35 זַייא הָאבֶּען מִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען, אָבֶּער אִיךְ בִּין נִיט קְרַאנְק גֶעוָוארֶען, זַייא הָאבֶּען מִיךְ גֶעקְלַאפְּט אוּנְד אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעווְאוּסְט, וֶוען וֶועל אִיךְ מִיךְ אוֹיפְוֶועקֶען? אִיךְ וֶועל עֶס נָאכְאַמָאל זוּכֶען:

## קאפיטעל כד

1 דוּא זָאלְסְט נִיט מְקַנֵא זַיין דִיא שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט גְלוּסְטֶען מִיט זַייא צוּ זַיין:

2 וָוארִין זַייעֶר הַארְץ טְרַאכְט נָאר צוּשְׁטֶערוּנְג, אוּנְד פוּן מִידִיגְקֵייט רֶעדֶען זֵייעֶרֶע לִיפֶּען:

3 דוּרְךְ חָכְמָה וֶוערְט אַ הוֹיז אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט, אוּנְד דוּרְךְ פֶערְשְׁטַאנְד הָאט עֶס אַ קִיוּם:

4 אוּנְד דוּרְךְ ווִיסֶענְשַׁאפְט מַאכְט מֶען דִיא חֲדָרִים פוּל אַלֶערְלֵייא טֵייעֶרֶע אוּנְד לִיבְּלִיכֶע רֵייכְקֵייטֶען:

5 אַ קְלוּגֶער מַאן אִיז תָּמִיד שְׁטַארְק, אוּנְד אַ ווִיסֶענְשַׁאפְטְלִיכֶער מֶענְשׁ וֶוערְט אִימֶער שְׁטַארְקֶער:

6 וָוארִין דוּרְךְ קְלוּגֶע עֵצוֹת וֶועסְט דוּא הַאלְטֶען דֵיינֶע מִלְחָמָה, אוּנְד הִילְף וֶועט זַיין דוּרְךְ פִּיל גוּטֶע עֵצוֹת:

7 קְלוּגְהֵייט אִיז הוֹיךְ פַאר אַ נַאר, אִין דֶעם טוֹיעֶר מַאכְט עֶר (אוֹיךְ) נִיט אוֹיף זַיין מוֹיל:

8 דֶער וָואס טְרַאכְט אוֹיס בֵּייזֶעס, דֶעם וֶועט מֶען אָנְרוּפֶען, אַ מֶענְשׁ מִיט בֵּייזֶע מַחְשָׁבוֹת:

9 דִיא נַארִישֶׁע גֶעדַאנְקֶען אִיז זִינְד, אוּנְד אַ שְׁפֶּעטֶער אִיז אֵיינֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט צוּ מֶענְשֶׁען:

10 וֶוען דוּא הָאסְט דִיךְ שְׁלַאף גֶעמַאכְט אִין דֶעם טָאג פוּן עֶנְגְשַׁפְט, אַזוֹי מִיז דֵיין כּוֹחַ עֶנְג זַיין:

11 וֶוען דוּא פֶערְמֵיידְסְט מַצִיל צוּ זַיין דִיא וָואס זֶענֶען אַוֶועקְגֶענוּמֶען צוּם טוֹיט, אוּנְד זָאלְכֶע וָואס זֶענֶען נָאהֶענְט גֶעהַרְגֶת צוּ וֶוערֶען:

12 וֶוען דוּא וֶועסְט זָאגֶען, זֶעה, מִיר הָאבֶּען דָאס דָאזִיגֶע נִיט גֶעווְאוּסְט, זָאל נִיט דֶער וָואס וֶועגְט דִיא הַארְצֶען עֶס בֶּעטְרַאכְטֶען? אוּנְד דֶער וָואס הִיט דֵיין נֶפֶשׁ זָאל עֶר עֶס נִיט ווִיסֶען? אוּנְד זָאל עֶר נִיט אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ צוּרִיקְגֶעבֶּען נָאךְ זַיינֶע מַעֲשִׂים?

13 מֵיין זוּהְן, עֶס הָאנִיג ווַייל עֶס אִיז גוּט, אוּנְד דֶער הָאנִיג-זֵיים אִיז זִיס צוּ דֵיין גוּימֶען:

14 אַזוֹיא וֶועט דִיא ווִיסֶענְשַׁאפְט פוּן חָכְמָה זַיין צוּ דֵיין נֶפֶשׁ, וֶוען דוּא הָאסְט זִיא גֶעפוּנֶען, אַזוֹי יוֶעט אַ גוּטֶער סוֹף פֶערְהַאנְדֶען זַיין, אוּנְד דֵיינֶע הָאפֶנוּנְג וֶועט נִיט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען:

15 אוֹי דוּא רָשָׁע, זָאלְסְט נִיט לוֹירֶען אוֹיף דִיא ווָאוינוּנְג פוּן דֶעם צַדִיק, דוּא זָאלְסְט נִיט בֶּערוֹיבֶּען זַיינֶע רוּהוּנְג:

16 חָאטְשֶׁע דֶער צַדִיק פַאלְט זִיבֶּען מָאל דָאךְ וֶועט עֶר ווִידֶער אוֹיפְשְׁטֵיין, אָבֶּער דִיא רְשָׁעִים וֶועלֶען שְׁטְרוֹיכֶעלְן אִין דֶעם בֵּייזֶען:

17 וֶוען דֵיין פֵיינְד פַאלְט אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט פְרֵייעֶן, אוּנְד וֶוען עֶר

שְׁטְרוֹיכֶעלְט אַזוֹי זָאל נִיט דַיין הַארְץ
פְרֵיילִיךְ זַיין:
18 וָארִין טָאמֶער וֶועט עֶס גָאט זֶעהֶען
אוּנְד עֶס וֶועט זַיין בֵּייז אִין זַיינֶע
אוֹיגֶען, אוּנְד עֶר וֶועט אוּמְקֶעהְרֶען פוּן
אִיהְם זַיין צָארְן:
19 דֶערְצָארְן דִיךְ נִיט אִיבֶּער דִיא
שְׁלֶעכְטֶע, זַייא דִיךְ נִיט מְקַנֵא אִיבֶּער
דִיא רְשָׁעִים:
20 וָארִין עֶס וֶועט נִיט זַיין אַ גוּטֶעס
עֶנְד צוּ דֶעם שְׁלֶעכְטֶען מֶענְשׁ, דָאס
לִיכְט פוּן דִיא רְשָׁעִים וֶועט אוֹיסְגֶעלָא־
שֶׁען וֶוערֶען:
21 מֵיין זוּהְן, פָארְכְט גָאט אוּנְד דֶעם
מֶלֶךְ, מִיט דִיא וָואס פֶערְעֶנְדֶערְן זָאלְסְט
דוּא דִיךְ נִיט מִישֶׁען:
22 וָארִין פְּלֶעצְלִיךְ וֶועט זֵייעֶר אוּמְ־
גְלִיק אוֹיפְשְׁטֵיין, אוּנְד וֶוער ווייסְט
(וִויא גֶעשְׁווִינְד) דֶער בְּרָאךְ פוּן זַייא
בֵּיידֶע וֶועט זַיין:
23 אוֹיךְ דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען גֶעהֶערֶען
צוּ דִיא חֲכָמִים—צוּ דֶערְקֶענֶען אַ פָּנִים
אִין דֶעם מִשְׁפָּט אִיז נִיט גוּט:
24 דֶער וָואס זָאגְט צוּ דֶעם רָשָׁע דוּא
בִּיזְט אַ צַדִיק דֶעם וֶועלֶען דִיא פֶעלְקֶער
שֶׁעלְטֶען, אוּנְד עֶר וֶועט פֶערְשָׁאלְטֶען
וֶוערֶען פוּן פֶעלְקֶערְשַׁאפְטֶען:
25 אָבֶּער צוּ דִיא וָואס שְׁטְרָאפֶען
אִיהְם אִיז עֶס אָנְגֶענֶעהְם, אוּנְד אוֹיף
זַייא וֶועט קוּמֶען אַ גוּטֶע בְּרָכָה:
26 דִיא לִיפֶען וֶועלֶען גֶעקוּשְׁט וֶוערֶען
פוּן דֶעם וָואס גֶעט צוּרִיק רֶעכְטֶע
וֶוערְטֶער:
27 בְּרֵייט אָן דַיינֶע אַרְבֵּייט דְרוֹיסֶען,
אוּנְד מַאךְ דִיר עֶס גוּט פֶערְטִיג אוֹיף
דֶעם פֶעלְד, דֶערְנָאךְ זָאלְסְט דוּא דִיר
בּוֹיעֶן דַיין הוֹיז:
28 דוּא זָאלְסְט נִיט זַיין אַיין עֵדוּת
אָהְן אוּרְזַאךְ קֶעגֶען דַיין חָבֵר, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט נִיט בֶּעטְרִיגֶען מִיט דַיינֶע לִיפֶּען:
29 דוּא זָאלְסְט נִיט זָאגֶען אַזוֹי וִויא
עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעטְהוּן אַזוֹי וֶועל
אִיךְ צוּ אִיהְם טְהוּן, אִיךְ וֶועל צוּרִיקְ־
קֶעהְרֶען צוּ אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ נָאךְ זַיינֶע
מַעֲשִׂים:
30 אִיךְ בִּין פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען בֵּייא
דֶעם פֶעלְד פוּן דֶעם פוֹילֶען, אוּנְד בֵּייא
דֶעם ווייְנְגָארְטֶען פוּן דֶעם מֶענְשׁ וָואס
הָאט קֵיין פֶערְשְׁטַאנְד:
31 אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז אִים גַאנְצֶען
בֶּעוואַקְסֶען גֶעוֶועזֶען מִיט (קְלֵיינֶע)
דֶערְנֶער, אוּנְד זַיין פָּנִים אִיז בֶּעדֶעקְט
גֶעוֶועזֶען מִיט (גְרוֹיסֶע) דֶערְנֶער, אוּנְד
דֶער שְׁטֵיינֶערְנֶער צוֹים אִיז אָפְּגֶע־
בְּרָאכֶען גֶעוֶועזֶען:
32 אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ עֶס אָנְגֶעקוּקְט
אוּנְד גוּט בֶּעטְרַאכְטֶעט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ
גֶעזֶעהֶען אוּנְד אָנְגֶענוּמֶען מוּסָר:
33 נָאךְ אַ בִּיסֶעלֶע שְׁלָאפֶען, נָאךְ אַ
בִּיסֶעלֶע דְרֶעמֶעלְן, אוּנְד נָאךְ אַ בִּיסֶעלֶע
דִיא הֶענְד צוּזַאמֶען לֵייגֶען אוֹיף דֶעם
בֶּעט:
34 אַזוֹי וֶועט דַיינֶע אָרֶעמְקֵייט צוּ
דִיר אָנְקוּמֶען אַזוֹי וִויא אַ וַואנְדֶערֶער
אוּנְד דַיינֶע מִינֶערוּנְג אַזוֹי וִויא אַ
(מִלְחָמָה) מַאן וָואס הָאט אַ פַּאנְצֶער:

## קאפּיטעל כה

1 אוֹיךְ דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא מִשְׁלִים
פוּן שְׁלֹמֹה וָואס דִיא לֵייט פוּן חִזְקִיָה
דֶער מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה הָאבֶּען אִיבֶּערְ־
גֶעזֶעצְט:
2 עֶס אִיז צוּ דֶעם כָּבוֹד פוּן גָאט אַ
זַאךְ צוּ בֶּעהַאלְטֶען, אוּנְד צוּ דֶעם כָּבוֹד
פוּן מְלָכִים אַ זַאךְ אוֹיסְצוּפָארְשֶׁען:

3 דִיא הִימֶעלֶן פַאר הויכְקֵייט אוּנְד דִיא עֶרְד פַאר טִיפְקֵייט אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן מְלָכִים קֶענֶען נִיט אויסְגֶעפָארְשְׁט װֶערֶען׃

4 נֶעם אַװֶעק דָאס פְּסוֹלֶת פוּן דֶעם זִילְבֶּער אַזוֹי װֶעט אַרויסְגֵיין אַ כְּלִי פַאר דֶעם גָאלְדְשְׁמִיד׃

5 נֶעם אַװֶעק דֶעם רָשָׁע פוּן פַאר דֶעם מֶלֶךְ, אַזוֹי װֶעט זֵיין טְרוֹין־שְׁטוּל זֵיין אָנְגֶעבְּרֵייט אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃

6 דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט פֶערְהֶערְלִיכֶען פוּן פַאר דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד אויף דֶעם אָרְט פוּן גְרויסֶע לֵייט זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט אַנִידֶערְשְׁטֶעלֶען׃

7 װָארִין עֶס אִיז בֶּעסֶער אַז מֶען זָאל צוּ דִיר זָאגֶען גֵייא דוּא אַרויף אֵיידֶער דוּא זָאלְסְט דֶערְנִידֶערִיגְט װֶערֶען פוּן פַאר דִיא פִירְשְׁטֶען װֶעלְכֶע דוּא װֶעסְט זֶעהֶען מִיט דֵיינֶע אויגֶען׃

8 דוּא זָאלְסְט נִיט אֵיילִיג אַרויסְגֵיין צוּ קְרִיגֶען, טָאמֶער װֶעסְט דוּא נִיט װִיסֶען װָאס צוּ טְהוּן אַם עֶנְד װֶען דֵיין חַבֶר װֶעט דִיךְ הָאבֶּען פֶערְשֶׁעמְט׃

9 װֶען דוּא מוּזְט דִיךְ קְרִיגֶען אַזוֹי קְרִיג דִיךְ מִיט דֵיין חַבֶר אַלֵיין, אָבֶּער דֶעם סוֹד פוּן אֵיין אַנְדֶערְן זָאלְסְט דוּא נִיט עֶנְטפְּלֶעקֶען׃

10 טָאמֶער װֶעט דֶער װָאס װֶעט דִיךְ הֶערֶען דִיךְ שֶׁענְדֶען, אוּנְד דֵיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט װֶעט נִיט קֶענֶען צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט װֶערֶען׃

11 אַזוֹי װִיא גָאלְדֶענֶע עֶפֶּעל אויסְגֶעמָאלְט אִין זִילְבֶּערְנֶע (כֵּלִים), אַזוֹי אִיז אַייךְ אַ װָארְט גֶערֶעט אויף אַ טֶעטֶען אוֹפָן׃

12 אַזוֹי (שֵׁיין) װִיא אַ גָאלְדֶענֶער נָאזְרִינְג אִיז אִין אַ פֵיינְגָאלְדֶענֶע צִירוּנְג אַזוֹי אִיז אויךְ דִיא שְׁטְרָאף רֵייד פוּן אַ חָכָם צוּ דֶעם אויעֶר װָאס הֶערְט עֶס צוּ׃

13 אַזוֹי װִיא דִיא קִיהְלוּנְג פוּן שְׁנֵייא אִיז אִין דֶעם טָאג פוּן דֶער שְׁנִיט צֵייט, אַזוֹי אִיז אויךְ אַ גֶעטְרֵייעֶר שָׁלִיחַ צוּ דֶעם װָאס שִׁיקְט אִיהְם, װָארִין עֶר דֶערְקְװִיקְט דָאס נֶפֶשׁ פוּן זֵיין הַאר׃

14 דֶער װָאס בֶּערִיהְמְט זִיךְ מִיט אַ פַאלְשֶׁע מַתָּנָה אִיז אַזוֹי װִיא אַ װִינְד אוּנְד װָאלְקֶען אָהְן רֶעגֶען׃

15 דוּרְךְ לַאנְגְמִיטִיגְקֵייט װֶערְט אַ גֶעװֶעלְטִיגֶער אִיבֶּערְגֶערֶעט, אָבֶּער אַ װֵייכֶע צוּנְג צוּבְּרֶעכְט דֶעם בֵּיין׃

16 װֶען דוּא גֶעפִינְסְט הָאנִיג, עֶס אַזוֹי פִיל װִיא עֶס אִיז גוּט פַאר דִיר, װָארִין טָאמֶער װֶעסְט דוּא דִיךְ צוּ זַאט מַאכֶען אוּנְד דוּא װֶעסְט עֶס מוּזֶען אויס־שְׁפֵּייעֶן׃

17 טְהוּא אָפּ דֵיין פוּס פוּן דֵיין חַבֶר׳ס הויז, װָארִין טָאמֶער װֶערְט עֶר פוּן דִיר צוּ זַאט אוּנְד עֶר װֶעט דִיךְ פֵיינְד הָאבֶּען׃

18 דֶער מֶענְשׁ װָאס זָאגְט פַאלְשׁ עֵדוּת קֶעגֶען זֵיין חַבֶר אִיז אַזוֹי װִיא אַ הַאמֶער אַ שְׁװֶערְט אוּנְד אַ פֵייל׃

19 אַזוֹי װִיא אַ צוּבְּרָאכֶענֶער צָאהְן אוּנְד אַ פֶערְרֶענְקְטֶער פוּס אִיז דִיא פֶערְזִיכֶערוּנְג אויף אַ פַאלְשֶׁען מֶענְשׁ אִין דֶעם טָאג פוּן דֶער צָרָה׃

20 אַזוֹי װִיא מֶען נֶעמְט אַװֶעק פוּן אֵיינֶעם אַ קְלֵייד אִין אַ קַאלְטֶען טָאג, אוּנְד אַזוֹי װִיא עֶסִיג אִיז אויף לויג, אַזוֹי אִיז אַ לִיד װָאס מֶען זִינְגְט צוּ אֵיינֶעם װָאס הָאט אַ שְׁװֶער הַארְץ׃

21 װֶען דֵיין פֵיינְד אִיז הוּנְגֶערִיג, גִיבּ אִיהְם בְּרוֹיט צוּ עֶסֶען, אוּנְד װֶען עֶר

אִיז דאַרשְׁטִיג אַזוי גִיב אִיהְם וואַסֶער
צוּ טְרִינְקֶען׃
22 וָוארִין דֶערְמִיט וֶועסְט דוּא טְהוּן
קוילֶען אויף זַיין קָאפּ, אוּנְד גָאט וֶועט
דִיר דֶערְפַאר בֶּעצָאלֶען׃
23 דֶער צָפוֹן־ווִינְד טְרַייבְּט אַוֶועק
דֶעם רֶעגֶען, אַזוי טְהוּט אויך אַ צָאר־
נֶענְדִיג פָּנִים אוּנְד אַ פֶערְבָּארְגֶענֶע
צוּנְג׃
24 עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ בְּלֵייבֶּען אִין אַ
ווִינְקֶעל אויף דֶעם דאַך אֵיידֶער מִיט
אַ קְרִיגֶערִישֶׁען ווַייבּ אִין אַ בְּרֵייט
הויז׃
25 אַזוי ווִיא קאַלְט וואַסֶער אִיז צוּ אַ
מִיד נֶפֶשׁ, אַזוי אִיז אַ גוּטֶע בְּשׂוֹרָה
פוּן אַ ווַייט לַאנְד׃
26 אַזוי ווִיא אַ צוּטְרֶעטֶענֶער בְּרוּנֶען
אוּנְד אַ פֶערְדָארְבֶּענֶער קְוַואל אַזוי אִיז
אַ צַדִיק וָואס פַּאלְט אַנִידֶער פַאר דֶעם
רָשָׁע׃
27 עֶס אִיז נִיט גוּט צוּ עֶסֶען פִּיל
הָאנִיג, אוּנְד זַיין אֵייגֶענֶעם כָּבוֹד
אויסְצוּפָארְשֶׁען (אִיז אויך נִיט גוּט)׃
28 אַ מֶענְשׁ וָואס קֶען נִיט רֶעגִירֶען
אִיבֶּער זַיין אֵייגֶען גֶעמִיט, אִיז אַזוי
ווִיא אֵיינֶע אָפְּגֶעבְּרָאכֶענֶע שְׁטָאט אָהְן
אַ מויעֶר׃

## קאַפּיטעל כו

1 אַזוי ווִיא שְׁנֵייא אִים זוּמֶער אוּנְד
רֶעגֶען אִין דֶער שְׁנִיט־צֵייט אַזוי פַּאסְט
נִיט כָּבוֹד צוּ אַ נַאר׃
2 אַזוי ווִיא אַ פֶערְוָואגֶעלְטֶער פוֹיגֶעל
אוּנְד אַ אַרוּמְפְלִיהֶענְדֶע שְׁוַואלְב קֶעהְרֶען
צוּרִיק צוּ זֵייעֶר נֶעסְט אַזוי אִיז אויך אֵיינֶע
אוּמְזוּסְטֶע קְלָלָה, זִיא קוּמְט נִיט אָן׃
3 אַ פֵּייטְשׁ פַאר אַ פֶערְד, אַ צוֹים
פַאר אֵיין אֵייזֶעל, אוּנְד אַ רוּט פַאר
דֶעם רִיקֶען פוּן אַ נַאר׃
4 דוּא זָאלְסְט נִיט עֶנְטְפֶערֶן צוּ אַ נַאר
נָאך זַיינֶע נַארִישְׁקֵייט, וָוארִין טָאמֶער
וֶועסְט דוּא אויך צוּ אִיהְם גֶעגְלִיכֶען
וֶוערֶען׃
5 עֶנְטְפֶער צוּ אַ נַאר נָאך זַיינֶע
נַארִישְׁקֵייט, וָוארִין טָאמֶער וֶועט עֶר
זַיין אַ חָכָם אִין זַיינֶע אֵייגֶענֶע אויגֶען׃
6 דֶער וָואס שִׁיקְט רֵייד דוּרְך אַ נַאר
שְׁנֵייט אָפּ דִיא פִּיס, אוּנְד טְרִינְקְט פוּן
רויבֶּערֵייא׃
7 דִיא קְנִיעֶן פוּן דֶעם לָאמֶען זֶענֶען
נִיט גְלֵייך, אַזוי אִיז (אויך) אַ מָשָׁל
אִין דֶעם מויל פוּן נַארָאנִים׃
8 אַזוי ווִיא אֵיינֶער וָואס בִּינְט אַ
שְׁטֵיין אִין אַ שְׁלֵיידֶער, אַזוי אִיז דֶער
וָואס גֶעט כָּבוֹד צוּ אַ נַאר׃
9 אַזוי ווִיא אַ דָארְן גֵייט אַרויף אִין
דִיא הַאנְד פוּן אַ שִׁכּוֹר, אַזוי אִיז אַ
מָשָׁל אִין דֶעם מויל פוּן נַארָאנִים׃
10 דֶער גְרויסֶער גָאט וָואס הָאט
אַלֶעס בֶּעשַׁאפֶען, דִינְגְט צוּ דֶעם נַאר,
אוּנְד דִינְגְט אויך דֶעם וָואס גֵייט
פֶערְבֵּייא׃
11 אַזוי ווִיא אַ הוּנְד קֶעהְרְט צוּרִיק
צוּ זַיין אויסְשְׁפֵּייעֶן, אַזוי טְהוּט דֶער
נַאר נָאכְאַמָאל זַיינֶע נַארִישְׁקֵייט׃
12 וֶוען דוּא זֶעהְסְט אֵיינֶעם וָואס
אִיז אַ חָכָם אִין זַיינֶע אֵייגֶענֶע אויגֶען,
אַזוי אִיז מֶעהְר הָאפְנוּנְג פַאר אַ נַאר
ווִיא פַאר אִיהְם׃
13 דֶער פוילֶער זָאגְט, עֶס אִיז אַ
יוּנְגֶער לֵייבּ אִין דֶעם וֶועג, אוּנְד אֵיין
אַלְטֶער לֵייבּ אִיז צְווִישֶׁען דִיא גַאסֶען׃
14 אַזוי ווִיא דִיא טִיעֶר רִיגֶעלְט זִיך
אויף אִיהְרֶע אַנְגֶעל, אַזוי טְהוּט דֶער
פוילֶער אויף זַיין בֶּעט׃

15 דֶער פוילֶער בֶּעהַאלְט זַיינֶע הַאנְד
אִין דֶעם שׁוּיס, עֶס בֶּעמִיהְט אִיהְם זִיא
צוּרִיקְצוּקֶעהְרֶען צוּ זַיין מוֹיל׃
16 דֶער פוילֶער אִיז פִיל קְלִיגֶער אִין
זַיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען ווִיא זִיבֶּען
מֶענְשֶׁען וָואס קֶענֶען עֶנְטְפֶערְן מִיט
אַ טַעַם׃
17 אֵיינֶער וָואס הַאפְּט אָן אַ הוּנְד
בַּייא דִיא אוֹיעֶרְן, אִיז אַזוֹי ווִיא אֵיינֶער
וָואס גֵייט פַארְבַּייא אוּנְד מִישְׁט זִיךְ
אַרַיין אִין אַ קְרִיג וָואס גֵייט אִיהְם
נִיט אָן׃
18 אַזוֹי ווִיא אַ מְשׁוּגָעֶנֶער וָואס
וַוארְפְט פוּנְקֶען פוּן פֵייעֶר אוּנְד פַיילֶען
פוּן טוֹיט׃
19 אַזוֹי אִיז אוֹיךְ (אַ שְׁלֶעכְטֶער)
וָואס בֶּעטְרִיגְט זַיין חָבֵר, אוּנְד זָאגְט,
אִיךְ הָאבּ נָאר שְׁפַּאס גֶעמַאכְט׃
20 ווֶען עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין הָאלְץ
אַזוֹי גֵייט דָאס פֵייעֶר אוֹיס, אַזוֹי אוֹיךְ
ווֶען עֶס אִיז נִיט דָא אֵיין אָנְרֵייצֶער
ווֶערְט דֶער קְרִיג גֶעשְׁטִילְט׃
21 אַזוֹי ווִיא קוֹילֶען זֶענֶען צוּ הַייסֶע
אַשׁ, אוּנְד הָאלְץ צוּ פֵייעֶר, אַזוֹי אִיז
אוֹיךְ אַ קְרִיגֶעדִיגֶער מַאן אָנְצוּרֵייצֶען
אַ קְרִיג׃
22 דִיא ווֶערְטֶער פוּן אֵיין אָנְרֵייצֶער
זֶענֶען אַזוֹי ווִיא ווְאוּנְדֶען וָואס גֵייעֶן
אַרוּפ אִין דִיא חֲדָרִים פוּן דֶעם לֵייבּ׃
23 אַזוֹי ווִיא דָאס פְּסוֹלֶת פוּן זִילְבֶּער
בֶּעדֶעקְט דֶעם שַׁארְבֶּען, אַזוֹי זֶענֶען
אוֹיךְ דִיא בְּרֶענֶעדִיגֶע לִיפֶּען פוּן אַ
שְׁלֶעכְט הַארְץ׃
24 מִיט זַיינֶע לִיפֶּען פֶערְפְרֶעמְד זִיךְ
דֶער שׂוֹנֵא, אָבֶּער אִין זִיךְ טְהוּט עֶר
טְרַאכְטֶען פַאלְשְׁקֵייט׃
25 אַפִּילוּ ווֶען עֶר ווֶעט דִיךְ בֶּעטֶען
מִיט זַיין קוֹל אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אִיהְם
דָאךְ נִיט גְלֵייבֶּען. ווָארִין זִיבֶּען אוּמְ־
ווֶערְדִיגְקֵייטֶען זֶענֶען אִין זַיין הַארְץ׃
26 דֶער וָואס דֶעקְט צוּ פֵיינְדְשַׁאפְט
אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, דֶעם ווֶעט דָאךְ
זַיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט עֶנְטְפְּלֶעקְט ווֶערֶען
אִין דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג׃
27 דֶער וָואס גְרוּבְּט אַ גְרוּבּ ווֶעט
דַארִין אַרֵיינְפַאלֶען, אוּנְד דֶער וָואס
וַואלְגֶערְט אַ שְׁטֵיין צוּ אִיהְם ווֶעט עֶר
צוּרִיקְקוּמֶען׃
28 אַ פַאלְשֶׁע צוּנְג הַאבֶּען פֵיינְד אַפִּילוּ
דִיא וָואס זֶענֶען צוּשְׁטוֹיסֶען, אָבֶּער
אֵיין גְלַאט מוֹיל מַאכְט פֶערשְׁטוֹיסוּנְג׃

## קאפיטעל כז

1 בֶּערִיהְם דִיךְ נִיט אוֹיף דֶעם
מָארְגֶעדִיגֶען טָאג, וָוארִין דוּא ווֵייסְט
דָאךְ נִיט וָואס אַ טָאג קֶען גֶעווִינֶען׃
2 לָאז דִיךְ אֵיין פְרֶעמְדֶער לוֹיבֶּען
אוּנְד נִיט דֵיין אֵייגֶען מוֹיל, יוֹא, אַ
פְרֶעמְדֶער אוּנְד נִיט דֵיינֶע לִיפֶּען׃
3 דִיא שְׁווֶערְקֵייט פוּן אַ שְׁטֵיין אוּנְד
דָאס גֶעווִיכְט פוּן זַאמְד, אָבֶּער דֶער
צָארְן פוּן אַ נַאר אִיז שְׁווֶערֶער פוּן
זֵייא בֵּיידֶע׃
4 צָארְן אִיז אוּמְבֶּערְבַּארֶעמְדִיג, אוּנְד
גְרִימְצָארְן אִיז ווִיא אַ פֶערְפְלֵייצוּנְג,
אָבֶּער ווֶער קֶען בֶּעשְׁטֵיין פַאר אַ
קִנְאָה?
5 אֵיינֶע עֶנְטְפְּלֶעקְטֶע שְׁטְרָאף אִיז
בֶּעסֶער ווִיא אַ פֶערְבָּארְגֶענֶע לִיבֶּע׃
6 דִיא ווְאוּנְדֶען פוּן אַ פְרֵיינְד זֶענֶען
לִיבְּשַׁאפְט, אָבֶּער דָאס קִישֶׁען פוּן אַ
שׂוֹנֵא זֶענֶען אִיבֶּערְפְלִיסִיג׃
7 אַ זַאט נֶפֶשׁ טְרֶעט אַפִּילוּ הָאנִיג,
(מִיט דִיא פִּיס), אָבֶּער פַאר אַ הוּנְגֶע־
רִיג נֶפֶשׁ אִיז דָאס בִּיטֶערֶע אוֹיךְ זִיס׃

8 אַזוי װִיא אַ פױגֶעל װָאס װַאנְדֶערְט אַװֶעק פוּן זֵיין נֶעסְט, אַזוי אִיז אויךְ אַ מֶענְשׁ װָאס װַאנְדֶערְט אַװֶעק פוּן זֵיין אָרְט׃

9 דֶער רֵיחַ פוּן (גוּטֶען) בּוֹימְאֵייל אוּנְד קְטוֹרֶת דֶערפְרֵייט דָאס הַארְץ, אַזוי טְהוּט אויךְ דִיא זִיסְקֵייט פוּן אַ פְרֵיינְד דוּרְךְ אַ הֶערְצְלִיכֶע עֵצָה׃

10 דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערלָאזֶען דֵיין פְרֵיינְד, אוּנְד דֵיין פָאטֶערְ'ס פְרֵיינְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט אַרֵיינְגֵיין צוּ דֵיין בְּרוּדֶערְ'ס הויז אִין דֶעם טָאג פוּן דֵיין אוּמגְלִיק, װָארִין עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ הָאבֶּען אַ נָאהֶענְטֶען שָׁכֵן װִיא אַ בְּרוּדֶער פוּן װֵייטֶען׃

11 מֵיין זוּהְן, זֵייא קְלוּג, אַזוי װֶעסְט דוּא דֶערפְרֵייעֶן מֵיין הַארְץ, כְּדֵי אִיךְ זָאל קֶענֶען עֶנְטְפֶערְן מֵיינֶע לֶעסְטֶער־רֶער׃

12 אַ קְלוּגֶער מֶענְשׁ זֶעהְט דָאס שְׁלֶעכְטֶע אָנְקוּמֶען, אוּנְד עֶר פֶערְבָּארְגְט זִיךְ, אָבֶּער דִיא נַארָאנִים גֵייעֶן פֶערְבֵּייא אוּנְד זֵייא װֶערֶען בֶּעשְׁטְרָאפְט׃

13 נֶעם אַװֶעק זֵיין קְלֵייד, װֵייל עֶר אִיז עָרֵב גֶעװֶעזֶען פַאר אַ פְרֶעמְדֶען, אוּנְד נֶעם אַ מַשְׁכּוֹן פוּן אִיהְם פַאר אַ פְרֶעמְדֶע װֵייבּ׃

14 װֶער עֶס בֶּענְשְׁט זֵיין חַבֵר מִיט אַ גְרוֹיס קוֹל װֶען מֶען שְׁטֵייט אוֹיף גַאנְץ פְרִיה, דָאס װֶעט אִיהְם אָנְגֶערֶעכֶענְט צוּ אַ קְלָלָה׃

15 אַ בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶער טְרָאפֶּען פוּן רֶעגֶען אִין דֶעם טָאג פוּן שְׁטָארֶעם, אוּנְד אַ קְרִיגֶערִישֶׁעס װֵייבּ זֶענֶען בֵּיידֶע גְלֵייךְ׃

16 דֶער װָאס בֶּעהַאלְט אַזָאלְכֶע אִיז אַזוי גוּט װִיא עֶר בֶּעהַאלְט דֶעם װִינְד, אוּנְד דָאס (שְׁמֶעקֶענְדֶע) בּוֹימְאֵייל פוּן זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד רוּפְט עֶס אוֹיס׃

17 אַזוי װִיא אֵיין אֵייזֶען מַאכְט שַׁארְף דָאס אַנְדֶערֶע אֵייזֶען, אַזוי טְהוּט אויךְ דָאס פָּנִים פוּן אֵיין מֶענְשׁ שַׁארְפֶען זֵיין חַבֵרְ'ס (פָּנִים)׃

18 דֶער װָאס הִיט דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים דֶער עֶסְט פוּן זֵיינֶע פֵּירוֹת, אַזוי אויךְ דֶער װָאס הִיט זֵיין הַאר װֶעט בְּכָבוֹד גֶעהַאלְטֶען װֶערֶען׃

19 אַזוי װִיא אִין דֶעם װַאסֶער אִיז צוּ (דֶערזֶעהֶען) אַ פָּנִים צוּ אַ פָּנִים, אַזוי אִיז אויךְ (צוּ זֶעהֶען) אִין דֶעם הַארְץ פוּן אַ מֶענְשׁ צוּ אַ מֶענְשׁ׃

20 דֶער שְׁאוֹל אוּנְד דָאס גֵיהִנָם זֶענֶען קֵיינְמָאל נִיט זַאט, אַזוי זֶענֶען אויךְ דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם מֶענְשׁ קֵיינְמָאל נִיט זַאט׃

21 דֶער שְׁמֶעלְץ־טִיגֶעל אִיז פַאר דֶעם זִילְבֶּער אוּנְד דֶער אוֹיפֶען פַאר דֶעם גָאלְד, אַזוי אִיז דֶער מֶענְשׁ (גֶעפְּרִיפְט) דוּרְךְ זֵיין לוֹיבּ׃

22 װֶען דוּא זָאלְסְט דֶעם נַאר צוּשְׁטוֹיסֶען אִין אַ שְׁטוֹיסֶעל צְװִישֶׁען קֶערֶענְדְלֶעךְ פוּן װֵייץ, אַזוי װֶעט דָאךְ זֵיינֶע נַארִישְׁקֵייט פוּן אִיהְם נִיט אָפְּגֶעטְהוּן װֶערֶען׃

23 דוּא זָאלְסְט גוּט װִיסֶען דָאס אוֹיסְזֶעהֶען פוּן דֵיינֶע שָׁאף, אוּנְד טְהוּא דֵיין הַארְץ צוּ דֵיינֶע סְטַאדֶעס׃

24 װָארִין דָאס עֲשִׁירוּת דוֹיעֶרְט נִיט אוֹיף אֵייבִּיג, אוּנְד װֶען דוּא בִּיזְט גֶעקְרֵיינְט, גֶעדוֹיעֶרְט עֶס פוּן דוֹר צוּ דוֹר?

25 װֶען גְרָאז װֶערְט עֶנְטפְּלֶעקְט, אוּנְד

גְּרִין גְּרָאז וֶוערְט גֶעזֶועהֶען, אוּנְד קְרֵייטֶער וֶוערֶען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אוֹיף דִּיא בֶּערְג׃

26 אַזוֹי אִיז (דִּיא וָואל פוּן) דִּיא לֶעמֶעלֶעךְ פַאר דֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד דִּיא בֶּעק זֶענֶען דֶער קוֹיפְפְּרֵייז פַאר דֶעם פֶעלְד׃

27 אוּנְד דוּא וֶועסְט הָאבֶּען גֶענוּג צִיגֶען־מִילְךְ פַאר דֵיינֶע שְׁפֵּייז, צוּ שְׁפֵּייז פַאר דֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד אוּנְד לֶעבֶּענְסְמִיטֶעל פַאר דֵיינֶע דִינְסְטמֵיידְען׃

## קאפיטעל כח

1 דֶער רָשָׁע עֶנְטְלוֹיפְט וֶוען קֵיינֶער יָאגְט אִיהְם נָאךְ, אָבֶּער דִּיא צַדִּיקִים זֶענֶען זִיכֶער וִויא אַ יוּנְגֶער לֵייב׃

2 וֶוענֶען דִּיא זִינְד פוּן אַ לַאנְד זֶענֶען זֵייעֶרֶע פִילֶע פִירְשְׁטֶען, אָבֶּער דוּרְךְ דִּיא וִויסֶענְשַׁאפְט פוּן אַ פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶען מֶענְשׁ, וֶועט עֶס פֶערְלֶענְגֶערְט וֶוערֶען׃

3 אֵיין אָרֶעמֶער מַאן וָואס אוּנְטֶערְדְרִיקְט דִּיא אָרֶעמֶע לֵייט, אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ שְׁטָארֶעם־רֶעגֶען וָואס לָאזְט נִיט אִיבֶּער קֵיין בְּרוֹיט׃

4 דִּיא וָואס פֶערְלָאזֶען דִּיא תּוֹרָה לוֹיבֶּען דֶעם רָשָׁע, אָבֶּער דִּיא וָואס הִיטֶען דִּיא תּוֹרָה, רֵייצֶען אָן קְרִיג דֶערְמִיט׃

5 שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען פֶערְשְׁטֵייעֶן נִיט קֵיין מִשְׁפָּט, אָבֶּער דִּיא וָואס זוּכֶען גָאט פֶערְשְׁטֵייעֶן אַלֶעס׃

6 דֶער אָרֶעמֶער וָואס גֵייט אִין זֵיינֶע אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט, אִיז בֶּעסֶער וִויא דֶער וָואס גֵייט אוֹיף פֶערְקְרִימְטֶע וֶועגֶען, חָאטְשֶׁע עֶר אִיז רֵייךְ׃

7 דֶער וָואס הִיט דִּיא תּוֹרָה אִיז אַ קְלוּגֶער זוּהְן, אָבֶּער דֶער וָואס בֶּעקֶענְט זִיךְ צוּ פְרֶעסֶער דֶער פֶערְשֶׁעמְט זֵיין פָאטֶער׃

8 דֶער וָואס פֶערְמֶעהְרְט זֵיין רֵייכְטוּם דוּרְךְ צִינְזֶען אוּנְד רְוָחִים, דֶער זַאמֶעלְט עֶס אֵיין פַאר דֶעם וָואס דֶערְבַּארֶעמְט זִיךְ אִיבֶּער דִּיא אָרֶעמֶע לֵייט׃

9 דֶער וָואס טְהוּט אַוֶועקְקֶעהְרֶען זֵיין אוֹיעֶר פוּן צוּ הֶערֶען דִּיא תּוֹרָה, אַפִילוּ זֵיין גֶעבֶּעט אִיז אוֹיךְ אֵיינֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט׃

10 דֶער וָואס מַאכְט דִּיא אוֹיפְרִיכְטִיגֶע פֶערְאִירֶען אִין דֶעם שְׁלֶעכְטֶען וֶועג, דֶער וֶועט אַרֵיינְפַאלֶען אִין זֵיינֶע אֵייגֶענֶע גְרוּבּ, אָבֶּער דִּיא אוֹיפְרִיכְטִיגֶע וֶועלֶען יַרְשְׁנֶ'ן דָאס גוּטֶע׃

11 דֶער רֵייכֶער מַאן אִיז קְלוּג אִין זֵיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער אֵיין אָרֶעמֶער פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶער פָארְשְׁט אִיהְם אוֹיס׃

12 וֶוען צַדִּיקִים פְרֵייעֶן זִיךְ דָא אִיז גְרוֹיסֶע שֵׁיינְקֵייט, אָבֶּער וֶוען דִּיא רְשָׁעִים שְׁטֵייעֶן אוֹיף אַזוֹי מוּז זִיךְ דֶער מֶענְשׁ בֶּעהַאלְטֶען׃

13 דֶער וָואס דֶעקְט צוּ זֵיינֶע זִינְד וֶועט נִיט בֶּעגְלִיקֶען, אָבֶּער דֶער וָואס בֶּעקֶענְט אוּנְד פֶערְלָאזְט זֵייא דֶער וֶועט הָאבֶּען דֶערְבַּארְמוּנְג׃

14 וְואוֹיל אִיז דֶעם מֶענְשׁ וָואס הָאט תָּמִיד מוֹרָא (פַאר גָאט), אָבֶּער דֶער וָואס מַאכְט הַארְט זֵיין הַארְץ וֶועט פַאלֶען אִין דֶעם שְׁלֶעכְטֶען׃

15 אַזוֹי וִויא אַ בְּרוּמֶענְדֶער לֵייבּ אוּנְד אַ שְׁרֵייעֶנְדִיגֶער בֶּער אִיז אַ רָשָׁע וָואס גֶעוֶועלְטִיגְט אִיבֶּער אֵיין אָרֶעם פָאלְק׃

16 אַ נָגִיד וָואס הָאט קֵיין פֶערְשְׁטַאנְד אִיז אוֹיךְ אַ גְרוֹיסֶער אוּנְטֶערְדְרִיקֶער,

אָבֶער דֶער וָואס הָאט פֵיינְד גֵייצִיגְקֵייט
וָועט דֶערלֶענְגֶערְן זֵיינֶע טָעג׃
17 אַ מֶענְשׁ גֶעדְרִיקְט דוּרְךְ בְּלוּט־
שׁוּלְד פוּן אִירְגֶענְד אַ נֶפֶשׁ וָועט עֶנְטְ־
לוֹיפֶען בִּיז צוּ אַ גְרוּב, אוּנְד קֵיינֶער
וָועט אִיהְם נִיט צוּרִיקְהַאלְטֶען׃
18 דֶער וָואס גֵייט אַרוּם מִיט אוֹיפְ־
רִיכְטִיגְקֵייט דֶעם וָועט גֶעהָאלְפֶען וֶוער־
רֶען, אָבֶער דֶער וָואס גֵייט פֶערקְרִימְט
אוֹיף דָאפֶּעלְטֶע וֶועגֶען דֶער וָועט אוֹיף
אֵיינְמָאל פַאלֶען׃
19 דֶער וָואס בֶּעאַרְבֵּייט זֵיין לַאנְד
דֶער וָועט מִיט בְּרוֹיט זַאט וֶוערֶען,
אָבֶער דֶער וָואס יָאגְט נָאךְ לֵיידִיג
גֵייעֶרְס וָועט גֶענוּג אָרֶעמְקֵייט הָאבֶען׃
20 אַ גֶעטְרֵייעֶר מֶענְשׁ וָועט הָאבֶען
פִיל בְּרָכוֹת, אָבֶער דֶער וָואס אֵיילְט
זִיךְ רֵייךְ צוּ וֶוערֶען וָועט נִיט אוּמְ־
שׁוּלְדִיג בְּלֵייבֶען׃
21 צוּ זֵיין אַ נוֹשֵׂא פָּנִים (אִין מִשְׁפָּט)
אִיז נִיט גוּט, אָבֶער וֶועגֶען אַ שְׁטִיקֶעל
בְּרוֹיט טְהוּט אַ מֶענְשׁ זִינְדִיגֶען׃
22 דֶער וָואס אֵיילְט זִיךְ רֵייךְ צוּ
וֶוערֶען הָאט אֵיין בֵּייז אוֹיג, אָבֶער עֶר
ווייס עֶס נִיט אַז עֶס וָועט מִינְגֶערוּנְג
צוּ אִיהְם קוּמֶען׃
23 וֶוען אֵיינֶער שְׁטְרָאפְט אַ מֶענְשׁ
דֶער וָועט דֶערְנָאךְ חֵן בֵּייא אִיהְם
גֶעפִינֶען, מֶעהְר פוּן דֶעם וָואס חַנְפֶת
אִיהְם מִיט אַ גְלַאטֶע צוּנְג׃
24 דֶער וָואס גַזְלֶת זֵיין פָאטֶער אוּנְד
זֵיינֶע מוּטֶער אוּנְד זָאגְט, עֶס אִיז נִיט
קֵיינֶע זִינְד, דֶער אִיז אַ חַבֵר צוּ אַ
פֶערְדָארְבֶּענֶעם מֶענְשׁ׃
25 דֶער וָואס הָאט אַ בְּרֵייט נֶפֶשׁ
(אִיז גֵייצִיג), דֶער רֵייצְט אָן קְרִיג
אָבֶער דֶער וָואס פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ אוֹיף
גָאט וָועט פֶעט וֶוערֶען׃
26 דֶער וָואס פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ אוֹיף
זֵיין אֵייגֶען הַארְץ אִיז אַ נַאר, אָבֶער
דֶער וָואס גֵייט אוּם מִיט חָכְמָה דֶער
וָועט עֶנְטְרִינֶען וֶוערֶען׃
27 דֶער וָואס גִיעט צוּ דֶעם אָרֶעמֶען
דֶעם וָועט נִיט פֶעהְלֶען, אָבֶער דֶער
וָואס בֶּעהַאלְט זֵיינֶע אוֹיגֶען וָועט הָאבֶען
פִילֶע קְלָלוֹת׃
28 וֶוען דִיא רְשָׁעִים שְׁטֵייעֶן אוֹיף
אַזוֹי בֶּעהַאלְטֶען זִיךְ דִיא מֶענְשֶׁען,
אוּנְד וֶוען זַייא וֶוערֶען פֶערְלוֹירֶען אַזוֹי
פֶערְמֶעהְרֶען זִיךְ דִיא צַדִיקִים׃

## קאפּיטעל כט

1 אֵיין מֶענְשׁ וָואס מֶען דַארְף שְׁטְרָא־
פֶען, אוּנְד מַאכְט הַארְט זֵיין נַאקֶען,
דֶער וָועט פְּלוּצְלִינְג צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען,
אוּנְד עֶר וָועט נִיט מֶעהְר גֶעהֵיילְט
וֶוערֶען׃
2 וֶוען דִיא צַדִיקִים פֶערְמֶעהְרֶען זִיךְ
אַזוֹי פְרֵייעֶט זִיךְ דָאס פָאלְק, אָבֶער
וֶוען אַ רָשָׁע גֶעוֶועלְטִיגְט אַזוֹי זִיפְצְט
דָאס פָאלְק׃
3 אַ מֶענְשׁ וָואס הָאט לִיבּ חָכְמָה
דֶערפְרֵייעֶט זֵיין פָאטֶער, אָבֶער דֶער
וָואס בֶּעהֶעפְט זִיךְ צוּ זוֹנוֹת פֶערְלִירְט
זֵיין פֶערְמֶעגֶען׃
4 דוּרְךְ מִשְׁפָּט מַאכְט דֶער קֶענִיג
דָאס לַאנְד בֶּעשְׁטֵיין, אָבֶער דֶער וָואס
נֶעמְט תְּרוּמוֹת צוּפִיהְרְט עֶס׃
5 אַ מֶענְשׁ וָואס שְׁמֵייכֶעלְט זֵיין
חַבֵר שְׁפְּרֵייט אוֹיס אַ נֶעץ פַאר זֵיינֶע
טְרִיט׃
6 אִין דֶער זִינְד פוּן אַ שְׁלֶעכְטֶען
מֶענְשׁ אִיז אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג, אָבֶער דֶער
צַדִיק זִינְגְט אוּנְד פְרֵייעֶט זִיךְ׃
7 דֶער צַדִיק ווייסְט דֶעם דִין פוּן

דִיא אָרֶעמֶע לֵייט, אָבֶּער דֶער רָשָׁע פֶערשְׁטֵייט נִיט קֵיינֶע װיסֶענְשַׁאפְֿט׃

8 שְׁפֶּעטִישֶׁע לֵייט מַאכֶען פְּלַאמֶען אִין דִיא שְׁטָאט, אָבֶּער דִיא חֲכָמִים קֶעהְרֶען צוּרִיק דֶעם צָארְן׃

9 װֶען אַ קְלוּגֶער מַאן װֶערְט גֶער־מִשְׁפָּט מִיט אַ נַארִישֶׁען מֶענְשׁ, אוֹיבּ עֶר צָארְנְט אָדֶער לַאכְט דָאךְ אִיז קֵיין נַחַת נִיט דָא׃

10 דִיא בְּלוּטשׁוּלְדִיגֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען פֵיינְד דֶעם אוֹיפְרִיכְטִיגֶען, אָבֶּער דִיא רֶעכְטפַארְטִיגֶע זוּכֶען זַיין נֶפֶשׁ׃

11 אַ נַאר צִיהְט אַרוֹיס זַיין גַאנְצֶעס גֶעמִיט, אָבֶּער דֶער חָכָם הַאלְט אִיהְם צוּרִיק בִּיז צוּם סוֹף׃

12 אַ גֶעװֶעלְטִיגֶער װָאס הֶערְט אוֹיף פַאלְשֶׁע רֵייד, אַזוֹי זֶענֶען אַלֶע זַיינֶע מְשָׁרְתִים רְשָׁעִים׃

13 װֶען דֶער אָרֶעמֶער אוּנְד אַ בֶּער־טְרִיגֶערִישֶׁער מַאן בֶּעגֶעגְנֶען זִיךְ, אַזוֹי טְהוּט גָאט דֶערְלֵייכְטֶען דִיא אוֹיגֶען פוּן זַייא בֵּיידֶע׃

14 דֶער מֶלֶךְ װָאס מִשְׁפָּט דִיא אָרֶעמֶע מִיט אֶמֶת, זַיין טְרוֹין־שְׁטוּל װֶעט זַיין אָנְגֶעבְּרֵייט בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג׃

15 דִיא רוּט אוּנְד שְׁטְרָאף גֶעבְּט חָכְמָה, אָבֶּער אֵיין װֶעקְגֶעשִׁיקְטֶער יוּנְג פֶערְשֶׁעמְט זַיינֶע מוּטֶער׃

16 װֶען דִיא רְשָׁעִים פֶערְמֶעהְרֶען זִיךְ אַזוֹי פֶערְמֶעהְרְט זִיךְ דִיא זִינְד, אָבֶּער דִיא צַדִיקִים װֶעלֶען אָנְזֶעהֶען זֵייעֶרֶע מַפָּלָה׃

17 שְׁטְרָאף דַיין זוּהְן אַזוֹי װֶעט עֶר דִיר גֶעבֶּען רוּהֶ, יוֹא, עֶר װֶעט פֶערְ־גְנִינֶען מַאכֶען צוּ דַיין נֶפֶשׁ׃

18 װֶען עֶס אִיז נִיט דָא קֵיינֶע נְבוּאָה אַזוֹי װֶערְט דָאס פָאלְק װִילְד, אָבֶּער װָאוֹיל אִיז דֶעם װָאס הִיט דִיא תּוֹרָה׃

19 אַ קְנֶעכְט װֶערְט נִיט גֶעשְׁטְרָאפְט דוּרְךְ רֵייד, חָאטְשֶׁע עֶר פֶערְשְׁטֵייט זַייא דָאךְ גֶעט עֶר קֵיינֶע עֶנְטְפֶער׃

20 װֶען דוּא זֶעהְסְט אַ מֶענְשׁ װָאס אִיז אֵיילִיג אִין זַיינֶע װֶערְטֶער, עֶס אִיז מֶעהְר הָאפֶענוּנְג צוּ אַ נַאר װִיא אוֹיף אִיהְם׃

21 דֶער װָאס טְהוּט אָן תַּעֲנוּגִים צוּ זַיין קְנֶעכְט פוּן יוּגֶענְד אָן, עֶר װֶעט זַיין צוּם סוֹף װִיא זַיין זוּהְן׃

22 אַ צָארְנִיגֶער מֶענְשׁ רֵייצְט אָן קְרִיג, אוּנְד אַ מַאן פוּן גְרִימְצָארְן בְּרֶענְגְט פִיל זִינְד׃

23 דִיא גַאֲוָה פוּן דֶעם מֶענְשׁ װֶעט אִיהְם אַרוּפְבְּרֶענְגֶען (נִידֶערִיג), אָבֶּער אַ נִידֶערִיגֶעס גֶעמִיט װֶעט דֶער כָּבוֹד אוּנְטֶערְלֶעהְנֶען׃

24 דֶער װָאס הָאט אַ חֵלֶק מִיט אַ גַנָב הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט פֵיינְד, עֶר הֶערְט קְלָלוֹת אוּנְד זָאגְט עֶס נִיט אוֹיס׃

25 דִיא צִיטֶערְנִיס פוּן אַ מֶענְשׁ בְּרֶענְגְט אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג, אָבֶּער דֶער װָאס פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ אוֹיף גָאט װֶעט גֶעשְׁטַארְקְט װֶערֶען׃

26 פִילֶע זוּכֶען דָאס פָּנִים פוּן אַ גֶעװֶעלְטִיגֶען, אָבֶּער פוּן גָאט אִיז דָאס מִשְׁפָּט פוּן אַ מֶענְשׁ׃

27 אֵיין אוּמְגֶערֶעכְטֶער מֶענְשׁ אִיז אֵיינֶע אוּמְװֶערְדִיגְקֵייט צוּ דִיא צַדִיקִים, אָבֶּער דֶער װָאס גֵייט אוֹיף דֶעם רֶעכְטפַארְטִיגֶען װֶעג אִיז אֵיינֶע אוּמְ־װֶערְדִיגְקֵייט צוּ דֶעם רָשָׁע!

## קאפּיטעל ל

1 דִיא װֶערְטֶער פוּן אָגוּר בֶּן־יָקֶה—

דִיא נְבוּאָה הָאט גֶעזָאגְט דֶער מַאן צוּ
אִיתִיאֵל, צוּ אִיתִיאֵל אוּנְד אֻכָל:
2 אִיךְ בִּין מֶעהְר בְּהֵמָה וִויא אַ
מֶענְשׁ, אוּנְד עֶס אִיז נִיט אִין מִיר קֵיין
מֶענְשֶׁענְ׳ס פֶערְשְׁטַאנְד:
3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ נִיט גֶעלֶערְנְט
חָכְמָה, אוּנְד אִיךְ ווייס אוֹיךְ נִיט
קֵיינֶע ווִיסֶענְשַׁאפְט פוּן דִיא הֵיילִיגֶע:
4 ווֶער אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם
הִימֶעל אוּנְד אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען? ווֶער
הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דֶעם ווִינְד אִין
זֵיינֶע פוֹיסְט? ווֶער הָאט אֵיינְגֶעבּוּנְדֶען
דִיא וַואסֶערְן אִין אַ קְלֵייד? ווֶער הָאט
אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אַלֶע עֶקֶען פוּן דֶער
עֶרְד? וִויא הֵייסְט עֶר, אוּנְד וִויא
הֵייסְט זֵיין זוּהְן, ווייסְט דוּא דָאס?
5 אַלֶע רֵייד פוּן גָאט זֶענֶען גֶעלֵייִ־
טֶערְט, עֶר אִיז אַ שִׁילְד צוּ דִיא וָואס
בֶּעשִׁיצֶען זִיךְ אִין אִיהְם:
6 דוּא זָאלְסְט נִיט צוּ טְהוּן צוּ זֵיינֶע
ווֶערְטֶער, וָוארִין טָאמֶער ווֶעט עֶר דִיךְ
שְׁטְרָאפֶען אוּנְד דוּא ווֶעסְט פַאר אַ
לִיגְנֶער גֶעפִינֶען ווֶערֶען:
7 צְווייא זַאכֶען הָאבּ אִיךְ גֶעבֶּעטֶען
פוּן דִיר, דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט פוּן מִיר
פֶערְמֵיידֶען, אֵיידֶער אִיךְ ווֶעל שְׁטַאר־
בֶּען:
8 פַאלְשְׁהֵייט אוּנְד לִיגֶען זָאלְסְט דוּא
פוּן מִיר דֶערְווייטֶערְן, דוּא זָאלְסְט מִיר
נִיט גֶעבֶּען קֵיינֶע אָרֶעמְקֵייט אָדֶער
רֵייכְטוּם, גֵייעֶרְט שְׁפֵּייז מִיךְ מִיט מֵיין
גֶעזֶעצְלִיכֶעס בְּרוֹיט:
9 וָוארִין טָאמֶער ווֶעל אִיךְ צוּ זַאט
ווֶערֶען אוּנְד דִיךְ פֶערְלֵייקֶענֶען, אוּנְד
אִיךְ ווֶעל זָאגֶען, ווֶער אִיז דֶער גָאט?
אָדֶער טָאמֶער ווֶען אִיךְ בִּין פֶערְ־
אָרֶעמְט אוּנְד אִיךְ ווֶעל גַנֶב׳נֶען, אוּנְד
אִיךְ ווֶעל דֶעם נָאמֶען פוּן מֵיין גָאט
אַנְגֶענֶעמֶען צוּ פַאלְשְׁקֵייט:
10 דוּא זָאלְסְט נִיט בֶּעשׁוּלְדִיגֶען אַ
קְנֶעכְט צוּ זֵיין הַאר, וָוארִין טָאמֶער
ווֶעט עֶר דִיךְ שֶׁעלְטֶען אוּנְד דוּא
ווֶעסְט דֶערְפַאר שׁוּלְדִיג זֵיין:
11 עֶס אִיז דָא אַ דוֹר וָואס שֶׁעלְט
זֵייעֶר פָאטֶער, אוּנְד זֵייעֶר מוּטֶער
בֶּענְשֶׁען זֵייא נִיט:
12 עֶס אִיז דָא אַ דוֹר וָואס זֶענֶען
רֵיין אִין זֵיירֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער
פוּן זֵייעֶר שְׁמוּץ זֶענֶען זֵייא נִיט אָפְּ־
גֶעוַואשֶׁען:
13 עֶס אִיז דָא אַ דוֹר, אוֹי וִויא הוֹיךְ
זֶענֶען זֵיירֶע אוֹיגֶען! אוּנְד זֵיירֶע
אוֹיגֶענ־בְּרֶעמֶען זֶענֶען דֶערְהוֹיבֶּען:
14 עֶס אִיז דָא אַ דוֹר וָואס זֵיירֶע
צֵיין זֶענֶען אַזוֹי וִויא שְׁווֶערְדֶען, אוּנְד
זֵיירֶע בַּאק־צֵיינֶער אַזוֹי וִויא מֶעסֶער,
כְּדֵי דִיא אָרֶעמֶע פוּן דֶעם לַאנְד אוֹיפְּ־
צוּעֶסֶען, אוּנְד דִיא בֶּעדַארְפְטִיגֶע פוּן
דִיא מֶענְשֶׁען:
15 דִיא בְּלוּטזֵייגֶערִין הָאט צְווייא
טֶעכְטֶער, וָואס שְׁרֵייעֶן, גֶעבּ אַהֶער!
גֶעבּ אַהֶער! דְרֵייא זַאכֶען זֶענֶען דָא
וָואס קֶענֶען נִיט זַאט ווֶערֶען, יוֹא,
פִיעֶר זָאגֶען, מִיר הָאבֶּען נִיט גֶענוּג
פֶערְמֶעגֶען!
16 דֶער שְׁאוֹל, אוּנְד דִיא פֶערְשְׁלָא־
סֶענֶע גֶעבֶּערְמוּטֶער, דִיא עֶרְד וָואס
ווֶערְט נִיט זַאט פוּן וַואסֶער, אוּנְד
דָאס פֵייעֶר, זָאגֶען נִיט עֶס אִיז
גֶענוּג!
17 דָאס אוֹיג וָואס שְׁפָּאט פוּן זֵיין
פָאטֶער, אוּנְד וָואס אִיז מְבַזֶה צוּ
גֶעהָארְכֶען דִיא מוּטֶער, דָאס ווֶעלֶען
דִיא רָאבֶּען פוּן דֶעם טֵייךְ אוֹיסְפִּיקֶען,

אוּנְד

אוּנְד דִיא יוּנְגֶע אָדְלֶערְ'ס װעלֶען עֶס אוֹיפֶעסֶען׃

18 דְרַייא זַאכֶען זֶענֶען דָא װָאס זֶענֶען צוּ װאוּנְדֶערְלִיךְ פַאר מִיר, אוּנְד פִיעֶר װָאס אִיךְ קֶען זַייא נִיט װיסֶען׃

19 דֶעם װֶעג פוּן אַיין אָדְלֶער (װָאס פְלִיהְט) צוּ דֶעם הִימֶעל; דֶעם װֶעג פוּן אַ שְׁלַאנְג אוֹיף אַ פֶעלְזֶענ־שְׁטַיין; דֶעם װֶעג פוּן אַ שִׁיף אִין מִיטֶען פוּן דֶעם יַם; אוּנְד דֶעם װֶעג פוּן אַ מַאן מִיט אַ יוּנְגְפְרוֹי׃

20 אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֶער װֶעג פוּן אַ װַייב װָאס אִיז מְנַאֶף, זִיא עֶסְט אוּנְד װִישְׁט זִיךְ אָפּ אִיהְר מוֹיל, אוּנְד זִיא זָאגְט, אִיךְ הָאבּ נִיט קַיין אוּמְרֶעכְט גֶעטְהוּן׃

21 פוּן װֶעגֶען דְרַייא זַאכֶען צִיטֶערְט דִיא עֶרֶד, אוּנְד פוּן װֶעגֶען פִיעֶר קֶען זִיא עֶס נִיט דֶערְטְרָאגֶען (אוֹיסְהַאלְטֶען)׃

22 פוּן װֶעגֶען אַ קְנֶעכְט װֶען עֶר רֶעגִיעֶרְט, אוּנְד אַ נַאר װֶען עֶר אִיז זַאט מִיט בְּרוֹיט׃

23 פוּן װֶעגֶען אַ גֶעהַאסְטֶע פְרוֹיא װֶען זִיא אִיז פֶערְהֵייַראט, אוּנְד פוּן װֶעגֶען אַ דִינְסְטמוֹיד װָאס זִיא אַ יוֹרֵשׁ פוּן אִיהְרֶע הַארֶענְטֶע׃

24 עֶס זֶענֶען דָא פִיעֶר זַאכֶען װָאס זֶענֶען קְלֵיין אוֹיף דֶער עֶרֶד, אָבֶּער זַייא זֶענֶען זֶעהְר קְלוּג׃

25 דִיא אַמֵייזֶען זֶענֶען נִיט אַ שְׁטַארְק פָאלְק, אוּנְד (פוּן דֶעסְטְװֶעגֶען) בְּרֵייטֶען זַייא אָן אִים זוּמֶער זַייעֶרֶע שְׁפַּייז׃

26 דִיא קְרָאלֶעקֶעס זֶענֶען אוֹיךְ נִיט אַ שְׁטַארְק פָאלְק, אוּנְד דָאךְ מַאכֶען זַייא זַייעֶר הוֹיז אִין אַ פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין׃

27 הָאטְשֶׁע דִיא הֵיישֶׁערִיקֶען הָאבֶּען קַיין קֶענִיג, דָאךְ גֵייעֶן זַייא אַלֶע אַרוֹיס װִיא אַ חַיִל׃

28 דִיא שְׁפִּין הַאפְּט זִיךְ אָן (אַזוֹי װִיא) מִיט הֶענְד, אוּנְד זִיא װאוֹינְט דָאךְ אִין דִיא פַּאלַאסְטֶען פוּן אַ מֶלֶךְ׃

29 עֶס זֶענֶען דָא דְרַייא װָאס הָאבֶּען אַ גוּטֶען שְׁרִיט, יוֹא, פִיעֶר װָאס מַאכֶען אִיהְר גַאנְג (שֵׁיין) גוּט׃

30 דֶער לֵייב, װָאס אִיז דֶער שְׁטַארְקְסְטֶער צְװִישֶׁען דִיא חַיוֹת, עֶר קֶעהְרְט זִיךְ נִיט אוּם פַאר קֵיינֶעם׃

31 דֶער יָאג־הוּנְד (אָדֶער אַ מִלְחָמָה פֶערְד), אָדֶער אַיין בָּאק, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פַאר װֶעמֶען קֵיינֶער קֶען נִיט בֶּעשְׁטֵיין׃

32 װֶען דוּא בִּיזְט גֶעװֶעזֶען נַארִישׁ, װַייל דוּא הָאסְט דִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען, אָדֶער װֶען דוּא הָאסְט גֶעטְרַאכְט שְׁלֶעכְטֶעס, אַזוֹי לֵייג דֵיינֶע הַאנְד אוֹיף דֵיין מוֹיל׃

33 װָארִין װֶען מֶען קְװֶעטְשְׁט דִיא מִילְךְ קוּמְט אַרוֹיס פּוּטֶער, אוּנְד װֶען מֶען קְװֶעטְשְׁט דִיא נָאז אַזוֹי קוּמְט אַרוֹיס בְּלוּט, אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ װֶען מֶען קְװֶעטְשְׁט דֶעם צָארְן אַזוֹי קוּמְט אַרוֹיס קְרִיג׃

## קאפיטעל לא

1 דִיא װֶערְטֶער פוּן דֶעם מֶלֶךְ לְמוּאֵל–דִיא נְבוּאָה דָאס זַיינֶע מוּטֶער הָאט אִיהְם גֶעלֶערְנְט׃

2 אוֹי, װָאס אִיז מֵיין זוּהְן? אוּנְד װָאס אִיז דֶער זוּהְן פוּן מֵיין בּוֹיךְ? אוּנְד װָאס אִיז דֶער זוּהְן פוּן מֵיינֶע נְדָרִים?

3 דוּא זָאלְסְט נִיט גֶעבֶּען דֵיין כּוֹחַ צוּ דִיא װַייבֶּער, אוּנְד אוֹיךְ נִיט דֵיינֶע װֶעגֶען כְּדֵי אָפְּצוּמֶעקֶען (אָדֶער צוּ פֶערְטִילְגֶען) קֶענִיגֶע׃

4 עֶס אִיז נִיט גוּט פַאר קֶענִיגֶע, אוֹי
לְמוּאֵל! נִיט פַאר קֶענִיגֶע צוּ טְרִינְקֶען
וויין, אוֹיךְ נִיט פַאר פִירְשְׁטֶען שְׁטַארְקֶע
גֶעטְרֶענְק צוּ טְרִינְקֶען:
5 וָוארִין טָאמֶער וֶוען זַייא טְרִינְקֶען
אוּנְד זַייא וֶועלֶען פֶערְגֶעסֶען דָאס
גֶעזֶעץ, אוּנְד זַייא וֶועלֶען פֶערְעֶנְדֶערְן
דֶעם דִין פוּן אַלֶע אָרֶעמֶע קִינְדֶער:
6 גִיב שְׁטַארְקֶע גֶעטְרֶענְק צוּ דֶעם
וָואס אִיז נָאהֶענְט פֶערְלוֹירֶען צוּ וֶוערֶען,
אוּנְד וויין צוּ דֶעם וָואס הָאט אַ בִּיטֶער
גֶעמִיט:
7 לָאז אַזָאלְכֶער טְרִינְקֶען אוּנְד פֶערְ־
גֶעסֶען זַיינֶע אָרֶעמְקַייט, אוּנְד לָאז עֶר
נִיט מֶעהְר גֶעדֶענְקֶען אִין זַיינֶע מִי־
דִינְקַייט:
8 מַאךְ אוֹיף דַיין מוֹיל פַאר דֶעם
שְׁטוּמֶען, אִין דֶעם דִין פַאר אַלֶע
קִינְדֶער וָואס זַייעֶר הִילְף אִיז פֶערְ־
מִיטֶען גֶעוָוארֶען:
9 מַאךְ אוֹיף דַיין מוֹיל, אוּנְד מִשְׁפָּט
מִיט גֶערֶעכְטִיגְקַייט אִין דֶעם דִין פוּן
דֶעם אָרֶעמֶען אוּנְד דֶעם עֶלֶענְדֶען:
10 וֶוער קֶען גֶעפִינֶען אַ פְרוּמֶע
פְרוֹיא? אִיהְר קוֹיפְּפְּרַייז אִיז פִּיל
טֶייעֶרֶער וִויא פֶּערֶעלְן:
11 דָאס הַארְץ פוּן אִיהְר מַאן פֶערְ־
טְרוֹיעֶט אִין אִיהְר, אוּנְד עֶס פֶעהְלְט
אִיהְם נִיט פוּן דֶעם זַאקְרוֹיב:
12 זִיא טְהוּט נָאר גוּטֶעס פֶערְגֶעלְטֶען
אוּנְד קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס אַלֶע אִיהְרֶע
לֶעבֶּענְס טֶעג:
13 זִיא זוּכְט אוֹיס וָואל אוּנְד פְלַאקְס,
אוּנְד זִיא הָאט לוּסְט צוּ אַרְבֵּייטֶען מִיט
אִיהְרֶע הֶענְד:
14 זִיא אִיז גְלֵייךְ וִויא אַ שִׁיף פוּן אַ
סוֹחֵר, זִיא בְּרֶענְגְט פוּן וַוייטֶען אִיהְרֶע
שְׁפֵּייזֶען:
15 זִיא שְׁטֵייט אוֹיף וֶוען עֶס אִיז נָאךְ
נַאכְט, אוּנְד זִיא גֶעט שְׁפֵּייז צוּ אִיהְר
הוֹיזְגֶעזִינְד, אוּנְד אַ בֶּעשְׁטִימְט חֵלֶק צוּ
אִיהְרֶע יוּנְגְפְרוֹיעֶן:
16 זִיא בֶּעטְרַאכְט אַ פֶעלְד, אוּנְד זִיא
קוֹיפְט עֶס, מִיט דִיא פֵּירוֹת פוּן אִיהְרֶע
הֶענְד פְלַאנְצְט זִיא אַ וויינְגָארְטֶען:
17 זִיא גַארְטֶעלְט אָן מִיט שְׁטַארְקְהֵייט
אִיהְרֶע לֶענְדֶען, אוּנְד זִיא שְׁטַארְקְט
אִיהְרֶע אָרֶעמְס:
18 זִיא פֶערְשְׁפִּיעֶרְט אַז אִיהְרֶע סְחוֹרָה
אִיז גוּט, אִיהְר לִיכְט פֶערְלֶעשְׁט נִיט
בֵּייא נַאכְט?
19 זִיא שְׁטְרֶעקְט אוֹיס אִיהְרֶע הֶענְד
צוּ דֶעם שְׁפִּינְרָאד, אוּנְד אִיהְרֶע הֶענְד
נֶעמֶען אָן דֶעם שְׁפִּינְדֶעל:
20 זִיא שְׁפְּרֵייט אוֹיס אִיהְרֶע הֶענְד
צוּ דִיא אָרֶעמֶע לַייט, אוּנְד זִיא שְׁטְרֶעקְט
אוֹיס אִיהְרֶע הֶענְד צוּ דִיא בֶּעדַארְפְטִיגֶע:
21 זִיא הָאט נִיט קֵיין מוֹרָא פַאר
דֶעם שְׁנֵייא פוּן וֶועגֶען אִיהְר הוֹיזְ־
גֶעזִינְד, וָוארִין אִיהְר גַאנְץ הוֹיזְגֶעזִינְד
זֶענֶען אָנְגֶעקְלֵייד מִיט רוֹיטֶע (אָדֶער
דָאפֶּעלְטֶע קְלֵיידֶער):
22 זִיא הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט דֶעקֶען,
פֵּיינֶע לֵיינֶעוַואנְד אוּנְד פּוּרְפֶּעל וָואל
זֶענֶען אִיהְרֶע קְלֵיידֶער:
23 אִיהְר מַאן אִיז (גוּט) בֶּעקַאנְט אִין
דִיא טוֹיעֶרְן, וֶוען עֶר זִיצְט צְוִוישֶׁען דִיא
עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם לַאנְד:
24 זִיא מַאכְט פֵּיינֶע לֵיילֶעכֶער אוּנְד
פֶערְקוֹיפְט זַייא, אוּנְד זִיא גֶעט גַארְטֶעלְן
צוּ דִיא סוֹחֲרִים:
25 שְׁטַארְקְהֵייט אוּנְד שֵׁיינְקַייט זֶענֶען
אִיהְרֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זִיא פְרֵייעֶט זִיךְ
בִּיז אוֹיף דֶעם לֶעצְטֶען טָאג:

26 זִיא מַאכְט אוֹיף אִיהְר מוֹיל מִיט
חָכְמָה, אוּנְד דִיא תּוֹרָה פוּן חֶסֶד אִיז
אוֹיף אִיהְרֶע צוּנְג:
27 זִיא גֶעט גוּט אַכְטוּנְג אוֹיף דֶעם
צוּגַאנְג פוּן אִיהְר הוֹיזְגֶעזִינְד, זִיא עֶסְט
נִיט דָאס בְּרוֹיט פוּן פוֹילְהֵייט:
28 אִיהְרֶע קִינְדֶער שְׁטֵייעֶן אוֹיף אוּנְד
בֶּענְשֶׁען זִיא, אוֹיךְ אִיהְר מַאן טְהוּט
זִיא לוֹיבֶּען:
29 פִילֶע טֶעכְטֶער הָאבֶּען מֶעכְטִיגֶעס
גֶעטְהוּן, אָבֶּער דוּא אִיבֶּערשְׁטֵייגְסְט
זֵייא אַלֶע:
30 דֶער חֵן אִיז פַאלְשׁ, אוּנְד שֵׁיינְקֵייט
אִיז נַארִישׁ, אָבֶּער אַ פְרוֹיא וָואס הָאט
מוֹרָא פַאר גָאט אַ זָאלְכֶע וֶוערְט גֶע־
לוֹיבְּט:
31 גֶעט צוּ אִיהְר פוּן דִיא פֵּירוֹת פוּן
אִיהְרֶע הֶענְד, אוּנְד לָאזֶען זִיא אִיהְרֶע
אֵייגֶענֶע מַעֲשִׂים לוֹיבֶּען אִין דִיא
טוֹיעֶרְן:

# חזק

אַלע פסוקים פֿון דעם ספר משלי זענען ניין הונדערט אונד פֿופֿצעהן; דיא העלפֿט דער פֿון איז קאפּיטעל ט"ז י"ה: אונד עס האט אים גאנצען איין אונד דרייסיג קאפּיטעל.

# ספר איוב

קאפיטעל א

1 עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן אִין דֶעם
לַאנְד עוּץ, עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען אִיוֹב,
אוּנְד דֶער דָאזִיגֶער מַאן אִיז גֶעוֶועזֶען
פְּרוּם אוּנְד רֶעכְטפַארְטִיג, אוּנְד עֶר
הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר גָאט, אוּנְד
עֶר הָאט זִיךְ אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט פוּן
דֶעם בֵּייזֶען:
2 אוּנְד צוּ אִיהְם זֶענֶען גֶעבוֹירֶען
גֶעוָוארֶען זִיבֶּען זִיהְן אוּנְד דְרֵייא
טֶעכְטֶער:
3 אוּנְד זַיין פֶערְמֶעגֶען אִיז גֶעוֶועזֶען
זִיבֶּען טוֹיזֶענְד שָׁאף, אוּנְד דְרֵייא
טוֹיזֶענְד קֶעמֶעל, אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט
פָּאר רִינְדֶער, אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט
אֵייזֶעלִינֶען, אוּנְד זֵייעֶר פִילֶע קְנֶעכְט,
אוּנְד דֶער דָאזִיגֶער מַאן אִיז גֶעוֶועזֶען
גְרֶעסֶער (רֵייכֶער) פוּן אַלֶע קִינְדֶער
פוּן מִזְרַח־זַייט:
4 אוּנְד זַיינֶע זִיהְן זֶענֶען אַהִינְגֶעגַאנְ־
גֶען אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט אַ
סְעוּדָה אִיטְלִיכֶער אִין זַיין טָאג, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט אוּנְד גֶעלַאזְט
רוּפֶען זַייעֶרֶע דְרֵייא שְׁוֶועסְטֶערְן, כְּדֵי
מִיט זַייא צוּ עֶסֶען אוּנְד צוּ טְרִינְקֶען:
5 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז וֶוען
דִיא טֶעג פוּן זַייעֶרֶע סְעוּדוֹת זֶענֶען
אַרוּם גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט אִיוֹב אַהִינְ־
גֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאט זַייא גֶעהֵיילִיגְט,
אוּנְד עֶר אִיז אִין דֶער פְרִיה
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר הָאט מַקְרִיב
גֶעוֶועזֶען בְּרַאנְד־אָפְּפֶער נָאךְ דֶער צָאל
פוּן זַייא אַלֶע, וָוארִין אִיוֹב הָאט
גֶעזָאגְט, טָאמֶער הָאבֶּען זִיךְ מֵיינֶע
קִינְדֶער פֶערְזִינְדִיגְט, אוּנְד גֶעשָׁאלְטֶען
גָאט אִין זֵייעֶר הַארְץ, אַזוֹי פְלֶעגְט
אִיוֹב צוּ טְהוּן אַלֶע צֵייטֶען:
6 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
טָאג וֶוען דִיא זִיהְן פוּן גָאט קוּמֶען
זִיךְ פָארְצוּשְׁטֶעלֶען פַאר גָאט, אַזוֹי אִיז
אוֹיךְ דֶער שָׂטָן גֶעקוּמֶען צְוִוישֶׁען
זַייא:
7 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
שָׂטָן, פוּן וַואנֶען קוּמְסְט דוּא? אוּנְד
דֶער שָׂטָן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּ גָאט,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פוּן דֶעם
דוּרְכְלוֹיפֶען אִין דֶעם לַאנְד, אוּנְד פוּן
דֶעם אַרוּמְגֵיין דַארִין:
8 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
שָׂטָן, הָאסְט דוּא בֶּעמֶערְקְט מֵיין
קְנֶעכְט אִיוֹב, וָוארִין עֶס אִיז קֵיינֶער
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא עֶר אוֹיף דֶער עֶרְד, אַ
פְרוּמֶער מַאן אוּנְד רֶעכְטפַארְטִיג,
אֵיינֶער וָואס הָאט מוֹרָא פַאר גָאט,
אוּנְד קֶעהְרְט זִיךְ אַוֶועק פוּן בֵּייזֶען?
9 אָבֶּער דֶער שָׂטָן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
צוּ גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הָאט
דֶען אִיוֹב בְּחִנָם מוֹרָא פַאר גָאט?
10 הָאסְט דוּא דֶען נִיט גֶעמַאכְט אַ
פֶערְצוֹימוּנְג וֶוענֶען אִיהְם אוּנְד וֶועגֶען
זַיין הוֹיזְגֶעזִינְד, אוּנְד אִיבֶּער אַלֶעם
וָואס עֶר הָאט רִינְגְס אַרוּם? דוּא
הָאסְט גֶעבֶּענְשְׁט דִיא אַרְבֵּייט פוּן זַיינֶע
הֶענְד, אוּנְד זַיין פִיךְ הָאט זִיךְ אוֹיסְ־
גֶעבְּרֵייט אִין דֶעם לַאנְד:
11 אָבֶּער שְׁטְרֶעק נָאר אוֹיס דַיינֶע

הַאנְד אוּנְד רִיהְר אָן אַלֶעס וָואס יֶער הָאט, אויבּ עֶר וֶועט דִיךְ נִיט שֶׁעלְטֶען פַאר דֵיין פָּנִים:

12 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם שָׂטָן, זֶעה, אַלֶעס וָואס עֶר הָאט אִיז אִין דֵיינֶע הַאנְד, נֵייעֶרְט אַן אִיהְם (אַלֵיין) זָאלְסְט דוּא נִיט אויסשְׁטְרֶעקֶען דֵיינֶע הַאנְד; אַזוֹי אִיז דֶער שָׂטָן אַרויסְגֶעגַאנְגֶען פוּן פַאר גָאט:

13 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אַ טָאג, וֶוען זֵיינֶע זִיהְן אוּנְד זֵיינֶע טֶעכְטֶער הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען וֵויין אִין דֶעם הויז פוּן זֵייעֶר עֶלְטסְטֶען בְּרוּדֶער:

14 אַזוֹי אִיז אַ שָׁלִיחַ גֶעקוּמֶען צוּ אִיוֹב, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיא רִינְדֶער הָאבֶּען גֶעאַקֶערְט, אוּנְד דִיא אֵייזֶעלְן הָאבֶּען זִיךְ גֶעוֵוייְדֶעט (גֶעפַּאשֶׁעט) נֶעבֶען זֵייא:

15 אוּנְד דִיא פוּן שְׁבָא זֶענֶען אִיבֶּער זֵייא גֶעפַאלֶען אוּנְד הָאבֶּען זֵייא צוּגֶענוּמֶען, אוּנְד דִיא יוּנְגֶען הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דִיא שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד אִיךְ בִּין אַלֵיין אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען כְּדֵי עֶס דִיר אָנְצוּזָאגֶען:

16 וֵוייל דֶער דָאזִיגֶער הָאט נָאךְ גֶערֶעט, אַזוֹי אִיז אֵיין אַנְדֶערֶער אָנְגֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַ פֵייעֶר פוּן גָאט אִיז אַרוּפְּגֶעפַאלֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד הָאט גֶעבְּרֶענְט אוּנְטֶער דִיא שָׁאף אוּנְד אוּנְטֶער דִיא יוּנְגֶען אוּנְד עֶס הָאט זֵייא פֶערבְּרֶענְט, אוּנְד אִיךְ בִּין אַלֵיין עֶנְטְרוּנֶען כְּדֵי עֶס דִיר אָנְצוּזָאגֶען:

17 וֵוייל דִיזֶער הָאט נָאךְ גֶערֶעט, אַזוֹי אִיז אֵיין אַנְדֶערֶער אָנְגֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיא כַּשְׂדִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט דְרֵייא אָפְּטֵיילוּנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערשְׁפְּרֵייט אִיבֶּער דִיא קֶעמֶעלְן אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַוֶועקְגֶענוּמֶען, אוּנְד דִיא יוּנְגֶען הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דִיא שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד אִיךְ בִּין אַלֵיין עֶנְטְרוּנֶען כְּדֵי עֶס דִיר אָנְצוּזָאגֶען:

18 וֵוייל דִיזֶער הָאט נָאךְ גֶערֶעט, אַזוֹי אִיז אֵיין אַנְדֶערֶער אָנְגֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד דֵיינֶע טֶעכְטֶער הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען וֵויין אִין דֶעם הויז פוּן זֵייעֶר עֶלְטסְטֶען בְּרוּדֶער:

19 אַזוֹי זֶעה, אַ גְרויסֶער וִוינְד אִיז גֶעקוּמֶען פוּן דֶער מִדְבָּר, אוּנְד הָאט אָנְגֶערִיהְרְט (גֶעשְׁלָאגֶען) אַן דִיא פִיעֶר עֶקֶען פוּן דֶעם הויז אוּנְד עֶס אִיז גֶעפַאלֶען אויף דִיא יוּנְגֶע לֵייט אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד אִיךְ בִּין אַלֵיין עֶנְטְרוּנֶען, כְּדֵי עֶס דִיר אָנְצוּזָאגֶען:

20 אַזוֹי אִיז אִיוֹב אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר הָאט צוּרִיסֶען זֵיין אויבֶּערְמַאנְטֶעל, אוּנְד עֶר הָאט אָפְּגֶעשׁוֹירֶען (דִיא הָאר פוּן) זֵיין קָאפּ, אוּנְד עֶר אִיז גֶעפַאלֶען אויף דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט:

21 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נַאקֶעט בִּין אִיךְ אַרויסְגֶעקוּמֶען פוּן מֵיין מוּטֶערְס בּויךְ אוּנְד נַאקֶעט וֶועל אִיךְ דָארְטֶען צוּרִיקְקֶעהְרֶען, גָאט הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען אוּנְד גָאט הָאט עֶס אַוֶועקְגֶענוּמֶען, גֶעבֶּענְשְׁט זָאל זַיין דֶער נָאמֶען פוּן גָאט:

22 אִין דֶעם אַלֶעמֶען הָאט אִיוֹב נִיט גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גָאט פַאר אוּמְגֶערֶעכְט גֶעהַאלְטֶען:

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אַ טָאג
וֶוען דִיא זִיהְן פוּן גָאט קוּמֶען זִיךְ
פָארְצוּשְׁטֶעלֶען פַאר גָאט אַזוֹי אִיז
אוֹיךְ דֶער שָׂטָן גֶעקוּמֶען צְוִוישֶׁען זֵייא
כְּדֵי זִיךְ פָארְצוּשְׁטֶעלֶען פַאר גָאט׃
2 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
שָׂטָן, פוּן וַואנֶען קוּמְסְט דוּא אַהֶער?
אוּנְד דֶער שָׂטָן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּ
גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פוּן דֶעם
אַרוּמְלוֹיפֶען דוּרְךְ דֶעם לַאנְד אוּנְד פוּן
דֶעם אַרוּמְגֵיין דַארִין׃
3 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
שָׂטָן, הָאסְט דוּא בֶּעמֶערְקְט מֵיין
קְנֶעכְט אִיּוֹב, וָוארִין עֶס אִיז קֵיינֶער
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא עֶר אוֹיף דֶער עֶרְד,
אַ פְרוּמֶער מַאן, אוּנְד רֶעכְטפַארְטִיג,
אֵיינֶער וָואס הָאט מוֹרָא פַאר גָאט,
אוּנְד קֶעהְרְט זִיךְ אַוֶועק פוּן דֶעם
בֵּייזֶען? אוּנְד דָאךְ הַאלְט עֶר פֶעסְט
אִין זַיינֶע פְרוּמְקֵייט, חָאטְשֶׁע דוּא
הָאסְט מִיךְ אָנְגֶערֵייצְט קֶעגֶען אִיהְם,
כְּדֵי אִיהְם בְּחִנָם צוּ פֶערְשְׁלִינְגֶען׃
4 אוּנְד דֶער שָׂטָן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
צוּ גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַ
הוֹיט פַאר אַ הוֹיט, וָוארִין אַלֶעס וָואס
אַ מֶענְשׁ הָאט וֶועט עֶר גֶעבֶּען פַאר
זַיין לֶעבֶּען׃
5 אָבֶּער שְׁטְרֶעק נָאר אוֹיס דֵיינֶע
הַאנְד אוּנְד רִיהְר אָן זַיין בֵּיין אוּנְד
זַיין פְלֵיישׁ, אוֹיב עֶר וֶועט דִיךְ נִיט
שֶׁעלְטֶען פַאר דֵיין פָּנִים׃
6 אַזוֹי הָאט גָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
שָׂטָן, זֶעה, עֶר אִיז אִין דֵיינֶע הַאנְד,
נֵייעֶרְט הִיט זַיין נֶפֶשׁ׃
7 אַזוֹי אִיז דֶער שָׂטָן אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
פוּן פַאר גָאט, אוּנְד עֶר הָאט אִיּוֹב׳ן
גֶעשְׁלָאגֶען מִיט אַ בֵּייזֶען גְרוּנְד, פוּן
דֶעם טְרִיט פוּן זַיין פוּס אָן בִּיז צוּ זַיין
קָאפְּשֵׁייטֶעל׃
8 אוּנְד עֶר (אִיּוֹב) הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען
אַ שַׁארְבֶּען כְּדֵי זִיךְ דֶערְמִיט צוּ
קְרַאצֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט
צְווִישֶׁען דִיא אַשׁ׃
9 אַזוֹי הָאט זַיין ווַייבּ צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, הַאלְטְסְט דוּא דִיךְ נָאךְ פֶעסְט
אִין דֵיינֶער פְרוּמְקֵייט? לֶעסְטֶער גָאט
אוּנְד שְׁטַארְבּ׃
10 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
דוּא רֶעדְסְט אַזוֹי וִויא אֵיינֶע פוּן דִיא
נַארִישֶׁע ווַייבֶּער רֶעדֶען, זָאלֶען מִיר
דֶען מְקַבֵּל זַיין דָאס גוּטֶע פוּן גָאט,
אוּנְד זָאלֶען מִיר נִיט אוֹיךְ דָאס
שְׁלֶעכְטֶע מְקַבֵּל זַיין? אִין אַלֶעם דֶעם
דָאזִיגֶען הָאט אִיּוֹב נִיט גֶעזִינְדִיגְט מִיט
זַיינֶע לִיפֶּען׃
11 אוּנְד אִיּוֹב׳ס דְרַייא פְרַיינְדֶע הָאבֶּען
גֶעהֶערְט פוּן אַלֶעם דֶעם דָאזִיגֶען
שְׁלֶעכְטֶעם וָואס אִיז אִיבֶּער אִיהְם
אָנְגֶעקוּמֶען, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען
אִיטְלִיכֶער פוּן זַיין אָרְט–אֱלִיפַז הַתֵּימָנִי,
אוּנְד בִּלְדַּד הַשּׁוּחִי, אוּנְד צוֹפַר הַנַּעֲמָתִי,
–וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶען בֶּע־
רָאטֶען צוּ אִיהְם צוּ קוּמֶען כְּדֵי מִיט
אִיהְם צוּ קְלָאגֶען אוּנְד אִיהְם צוּ
טְרֵייסְטֶען׃
12 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען פוּן ווַייטֶען
זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אַזוֹי הָאבֶּען
זֵייא אִיהְם נִיט דֶערְקֶענְט; אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶר קוֹל אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעוֵויינְט; אוּנְד אִיטְלִיכֶער
הָאט צוּרִיסֶען זַיין מַאנְטֶעל, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעשְׁפְּרִינְקֶעלְט שְׁטוֹיבּ אוֹיף
זֵייעֶרֶע קֶעפּ קֶעגֶען דֶעם הִימֶעל צוּ׃

13 אַזוֹי זֶענֶען זֵייא מִיט אִיהְם גֶע־
זֶעסֶען אוֹיף דֶער עֶרְד זִיבֶּען טֶעג
אוּנְד זִיבֶּען נֶעכְט, אוּנְד קֵיינֶער הָאט
צוּ אִיהְם נִיט אַ וָוארְט גֶערֶעט, וָוארִין
זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז זֵיינֶע וֵוייטָאג
אִיז זֵייעֶר גְרוֹיס:

## קאפיטעל ג

1 נָאכְדֶעם הָאט אִיוֹב אוֹיפְגֶעמַאכְט
זַיין מוֹיל, אוּנְד עֶר הָאט פֶערְשָׁאלְטֶען
זַיין טָאג:
2 אוּנְד אִיוֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט:—
3 הַלְוַאי וָואלְט דֶער טָאג פֶערְלוֹירֶען
גֶעוֶועזֶען וָואס אִיךְ בִּין אִין אִיהְם
גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען! אוּנְד דִיא נַאכְט
אִין וֶועלְכֶער מֶען הָאט גֶעזָאגְט, מִיט
אַ זָכָר אִיז מֶען טְרָאגֶעדִיג גֶעוָוארֶען:
4 דֶער דָאזִיגֶער טָאג הֶעט גֶעזָאלְט
זַיין פִינְסְטֶער! גָאט זָאל אִיהְם נָאכְ־
פָארְשֶׁען פוּן (דֶער הֵייךְ) אוֹיבֶּען!
אוּנְד עֶס זָאל אוֹיךְ קֵיין לִיכְט אוֹיף
אִיהְם שֵׁיינֶען:
5 פִינְסְטֶערְנִיש אוּנְד דֶער שָׁאטֶען
פוּן טוֹיט זָאל אִיהְם אַיינְרִיכְטֶען, לָאז
אַ פִינְסְטֶערֶער וָואלְקֶען אוֹיף אִיהְם
רוּהֶען, עֶר זָאל דֶערשְׁרָאקֶען וֶוערֶען
אַזוֹי וִויא אַ בִּיטֶערֶער טָאג!
6 טוּנְקֶעלְהַייט זָאל צוּנֶעמֶען דִיא
דָאזִיגֶע נַאכְט, זִיא זָאל זִיךְ נִיט פְרֵייעֶן
צְוִוישֶׁען דִיא טֶעג פוּן דֶעם יָאהְר, אִין
דִיא צָאל פוּן דִיא חֳדָשִׁים זָאל זִיא
נִיט קוּמֶען:
7 וֶועה, לָאז דִיא דָאזִיגֶע נַאכְט זַיין
אָהְן מֶענְשֶׁען, עֶס זָאל קֵיין גֶעזַאנְג אִין
אִיהְר נִיט קוּמֶען:
8 דִיא וָואס שֶׁעלְטֶען דֶעם טָאג זָאלֶען
אִיהְם אוֹיךְ שֶׁעלְטֶען, דִיא וָואס זֶענֶען
אָנְגֶעגְרֵייט דֶעם לִוְיָתָן אוֹיפְצוּוֶועקֶען:
9 דִיא שְׁטֶערֶען פוּן דֶער דֶעמֶערוּנְג
זָאלֶען פֶערְפִינְסְטֶערְט וֶוערֶען, זִיא זָאל
הָאפֶען אוֹיף לִיכְט אָבֶּער עֶס זָאל נִיט
זַיין, אוּנְד לָאז עֶס אוֹיךְ נִיט גֶעזֶעהֶען
וֶוערֶען וֶוען דֶער מָארְגֶען קוּמְט אָן:
10 ווייל עֶס הָאט נִיט פֶערְשְׁלָאסֶען
דִיא טִירֶען פוּן מֵיין מוּטֶערְ'ס בּוֹיךְ,
אוּנְד עֶס הָאט אוֹיךְ נִיט פֶערְהוֹילֶען
דִיא מִידִינְקֵייט (צָרוֹת) פוּן מֵיינֶע
אוֹיגֶען:
11 פַארְוָואס בִּין אִיךְ נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען
פוּן מוּטֶערְלֵייב אָן? פַארְוָואס בִּין אִיךְ
נִיט בַּאלְד פֶערְגַאנְגֶען וֶוען אִיךְ בִּין
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם בּוֹיךְ?
12 פַארְוָואס הָאבֶּען מִיךְ דִיא קְנִיעֶן
(פוּן מֵיינֶע מוּטֶער גֶעפֶערְדֶערְט)? אוּנְד
פַארְוָואס הָאבּ אִיךְ גֶעזוֹיגֶען דִיא
בְּרוּסְטֶען?
13 אַזוֹי וָואלְט אִיךְ אַצוּנְד גֶעלֶעגֶען אוּנְד
וָואלְט שְׁטִיל גֶעוֶועזֶען, אִיךְ וָואלְט
גֶעשְׁלָאפֶען, אוּנְד רוּהֶה גֶעהַאט:
14 מִיט מְלָכִים אוּנְד דִיא רָאט־הַארֶען
פוּן דֶער עֶרְד, וָואס בּוֹיעֶן אוֹיף צוּ
זִיךְ דִיא וִוויסְטֶע עֶרְטֶער:
15 אָדֶער מִיט דִיא פִירְשְׁטֶען וָואס
הָאבֶּען גָאלְד, אוּנְד וָואס פִילֶען אָן
זֵיירֶע הֵייזֶער מִיט זִילְבֶּער:
16 אָדֶער פַארְוָואס בִּין אִיךְ נִיט
גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא אַ בֶּעהַאלְטֶענֶעס
(נוֹפֶל)? אָדֶער אַזוֹי וִויא דִיא קְלֵיינֶע
קִינְדֶער וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען דָאס
לִיכְט?
17 דָארְטֶען הֶערֶען דִיא רְשָׁעִים אוֹיף
צוּ לַארְמֶען, אוּנְד דָארְטֶען רוּהֶען אוֹיךְ
דִיא מִידֶען:
18 אַפִילוּ דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע רוּהֶען

צוזאַמען, זייא הערען ניט דאָס קול
פון דעם אונטערדריקער:
19 דיא קליינע אונד דיא גרויסע
זענען דאָרטען, אונד דער קנעכט איז
פרייא פון זיין האר:
20 פאַרוואָס גיט ער ליכט צו דעם
וואָס איז מיד, אונד לעבען צו דעם
וואָס האט אַ ביטער געמיט?
21 דיא וואָס האָפען אויף דעם טויט
אונד ער קומט ניט אָן, אונד זייא
גראָבען (אָדער זוכען) איהם מעהר
וויא נאָך בעהאַלטענע זאַכען:
22 אונד דיא וואָס פרייען זיך מיט אַ
פרייד, אונד זייא האָבען אַ שמחה ווען
זייא געפינען דאָס קבר:
23 צו דעם מענש וואָס זיין וועג איז
פערבאָרגען, אונד וואָס גאָט האט
פאַר זיינעטוועגען אַ צוים געמאַכט?
24 וואָרין פאַר מיין עסען קומט אָן
מיין זיפצען, אונד מיין געשרייא איז
אויסגעגאָסען אַזוי וויא וואַסער:
25 וואָרין דיא פאָרכט וואָס איך האָב
געפאָרכטען האט מיך אָנגעטראָפען,
אונד דאָס פאַר וואָס איך האָב מורא
געהאט איז צו מיר אָנגעקומען:
26 איך בין ניט געוועזען בשלוה,
אונד ניט שטיל געוועזען אונד איך
האָב אויך קיינע רוה ניט געהאט,
דאָך איז דער צאָרן אָנגעקומען:

## קאַפּיטעל ד

1 אַזוי האט אליפז התימני געענט־
פערט אונד האט געזאָגט:
2 ווען מען פרופט אַ וואָרט מיט
דיר צו רעדען פערדריסט עס דיך?
אָבער ווער קען זיך צוריקהאַלטען פון
צו רעדען?
3 זעה, דוא האָסט צו פילע מוסר
געזאָגט, אונד דוא האָסט געשטאַרקט
דיא שוואַכע הענד:
4 דעם געשטרויכעלטען פלעגען דיינע
רייד אויפצושטעלען, אונד דוא האָסט
געשטאַרקט דיא שוואַכע נידערגע־
בייגטע קניען:
5 אָבער אַצונד איז עס צו דיר
אָנגעקומען, אונד דוא ביזט פער־
שמאַכט עס האט דיך אָנגעריהרט
אונד דוא ביזט דערשראָקען געוואָרען:
6 איז דען דאָס ניט דיינע מורא,
דיין פערטרויען, דיינע האָפענונג,
אונד דיא גאַנצקייט פון דיינע וועגען?
7 געדענק דאָך איך בעט דיך, אויב
איין אומשולדיגער ווערט פערלוירען,
אונד אַוואו איז איין רעכטפאַרטיגער
פערטילגט געוואָרען?
8 גראָד אַזוי וויא איך האָב געזעהען,
אַז דיא וואָס אַקערן אומרעכט אונד זייען
מידיגקייט, דאָס מוזען זייא אויך שניידען:
9 דורך דעם בלאָז פון גאָט ווערען
זייא פערלוירען, אונד דורך דעם ווינד
פון זיין צאָרן ווערען זייא פערלענט:
10 דאָס געשרייא פון דעם לייב,
אונד דאָס קול פון דעם (אָנגערייצטען
לייב), אונד דיא ציין פון דיא יונגע
לייבען זענען צובראָכען געוואָרען:
11 אַזוי וויא אַ לעמפערט ווערט
פערלוירען ווייל ער האט ניט צו
פערצוקען, אונד דיא יונגע לייבען
צושפרייטען זיך:
12 אָבער צו מיר האט זיך אַ וואָרט
וויא צו גע'גנב'ת, אונד מיין אויער
האט אַ ביסעל דערפון פערנומען:
13 אין דיא מחשבות פון דיא זעה־
הונגען ביי נאַכט, ווען אַ שלאָף
פאַלט אויף דיא מענשען:

14 האט מיך אַ פּאַרכט אָנגעטראָפען און ציטערניש, וואס האט מיינע פילע ביינער דערשראָקען:

15 אונד אַ רוח איז פאַר מיר איבערגעפאָרען, אונד דיא האָר פון מיין פלייש האָבען זיך אויפגעשטעלט:

16 ער איז געבליבען שטיין אָבער איך האָב ניט דערקענט זיינע געשטאַלט, אַ געשטאַלט איז געוועזען פאַר מיינע אויגען, עס איז שטיל געוועזען, אונד איך האָב געהערט אַ קול:

17 זאָל דען אַ מענש זיין מעהר גערעכט וויא גאָט? אָדער זאָל דער מענש ריינער זיין וויא זיין בעשעפער?

18 זעה, ער האָט קיין פערטרויען אין זיינע קנעכט, אַפילו זיינע מלאָכים בעשולדיגט ער מיט נארישקייט:

19 מכּל־שכּן זאָלבע וואס וואוינען אין ליימענע הייזער, וואס האָבען איהר גרונד אין דעם שטויב, אונד זייא ווערען צושטויסען פאַר אַ מילב?

20 פון מאָרגען ביז אָבענד ווערען זייא צושטויסען, קיינער בעטראַכט עס ווען זייא ווערען אויף אייביג פערלוירען:

21 ווערט דען ניט אָפּגעטהון זייערע הערליכקייט וואס איז אין זייא? זייא שטאַרבען, אָבער ניט אין חכמה:

## קאפיטעל ה

1 רוף דאָך, אויב עס איז דאָ איינער וואס וועט דיר ענטפערן, אונד צו וועלכע פון דיא הייליגע ווילסט דוא דיך קעהרען?

2 וואָרין דעם נאר דערשלאָגט דער צאָרן, אונד דעם נארישען טהוט דיא קנאָה טייטען:

3 איך האָב (אַליין) געזעהען אַ נאַר איינגעוואָרצעלט, אָבער פּלוצלינג האָב איך זיינע וואוינונג געשאָלטען:

4 זיינע קינדער זענען וייט פון דער הילף, אונד זייא זענען צושטויסען אין דעם טויער, אונד קיינער איז זייא מציל:

5 זיין שניט (תבואה) זאָל דער הונגעריגער אויפעסען, אונד אַפילו פון דיא דערנער נעמט ער עס אַוועק, אונד דיא רויבערס פערשלינגען זייער פערמעגען:

6 וואָרין דיא זינד גייט ניט אַרויס פון דעם שטויב, אונד אומגערעכטיגקייט שפּראָצט ניט אַרויס פון דער ערד:

7 וואָרין אַ מענש איז געבוירען צו מידיגקייט, (צרות), אַזוי וויא פונקען וואס פליהען אין דער היך:

8 אָבער איך־איך וואָלט צו גאָט זוכען, אונד צו גאָט וואָלט איך געטהון מיינע רייד (אונד געבעט):

9 דער וואָס טהוט גרויסעס, אונד וואס האָט קיינע אויספאָרשונג, אונד וואונדערליכע זאַכען אָהן איין צאָהל:

10 דער וואס געט רעגען אויף דער ערד, אונד שיקט אויס וואַסער אויף דיא פעלדער:

11 דער וואס מאַכט דאָס נידעריגע צו הויך, כּדי דיא וואס טרויערן זאָלען געשטיצט ווערען מיט הילף:

12 דער וואס פערשטערט דיא מחשבות פון דיא קלוגע, אַז זייערע הענד זאָלען ניט טהון זייערע שלעכטע עצות:

13 ער האַפּט דיא חכמים אין זייערע אייגענע קלוגהייט, אויך דיא פערקרימטע עצות פון דיא איילערינגע:

14 בֵּייא טָאג בֶּעגֶעגְנֶען זֵייא פִינְסְטֶערְ־נִיס, אוּנְד אִין מִיטֶען טָאג טַאפֶּען זֵייא אַזוֹי וִויא בֵּייא נַאכְט׃

15 אָבֶּער עֶר הֶעלְפְט זֵייא פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד פוּן זֵייעֶר מוֹיל, אוּנְד דֶעם אָרֶעמֶען אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן דֶעם שְׁטַארְקֶען׃

16 אוּנְד דָאס אִיז גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם אָרֶעמֶען אַ הָאפֶענוּנְג, אוּנְד דִיא אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט פֶערשְׁלִיסְט אִיהְר מוֹיל׃

17 זֶעה, וְואוֹיל אִיז דֶעם מֶענְשׁ וָואס גָאט שְׁטְרָאפְט אִיהְם, דַארוּם זָאלְסְט דוּא נִיט פֶערְאַכְטֶען דֶעם מוּסָר פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען׃

18 וָוארִין עֶר מַאכְט שְׁמֶערְצֶען אוּנְד עֶר טְהוּט פֶערְבִּינְדֶען, עֶר צוּשְׁלָאגְט, אוּנְד זֵיינֶע הֶענְד טְהוּן עֶס וִוידֶער הֵיילֶען׃

19 עֶר וֶועט דִיךְ מַצִיל זֵיין דוּרְךְ זֶעקְס צָרוֹת, אוּנְד דִיא זִיבֶּעטֶע וֶועט דִיךְ אוֹיךְ נִיט אָנְרִירֶען קֵיין בֵּייזֶעס׃

20 אִין הוּנְגֶערְסנוֹיט וֶועט עֶר דִיךְ אוֹיסְלֵייזֶען פוּן דֶעם טוֹיט, אוּנְד אִין דֶער מִלְחָמָה, פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד׃

21 דוּא וֶועסְט בֶּעהַאלְטֶען זֵיין פוּן דֶער רוּט פוּן דֶער צוּנְג, אוּנְד דוּא וֶועסְט קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען פַאר דִיא פֶערְוִויסְטוּנְג וֶוען עֶס וֶועט אָנְ־קוּמֶען׃

22 אִיבֶּער דִיא פֶערְוִויסְטוּנְג אוּנְד הוּנְגֶער וֶועסְט דוּא לַאכֶען, אוּנְד פַאר דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם לַאנְד וֶועסְט דוּא נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען׃

23 וָוארִין דֵיין בְּרִית וֶועט זֵיין מִיט דִיא שְׁטֵיינֶער פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד וֶועלֶען מִיט דִיר הָאבֶּען שָׁלוֹם׃

24 אוּנְד דוּא וֶועסְט וִויסֶען אַז אִין דֵיין גֶעצֶעלְט וֶועט זֵיין שָׁלוֹם, אוּנְד דוּא וֶועסְט גֶעדֶענְקֶען אָן דֵיינֶע וְואוֹינוּנְג אוּנְד וֶועסְט נִיט זִינְדִיגֶען׃

25 אוּנְד דוּא וֶועסְט אוֹיךְ וִויסֶען אַז דֵיין זָאמֶען וֶועט זֵיין פִיל, אוּנְד דֵיינֶע קִינְדֶערְס קִינְדֶער, אַזוֹי וִויא דָאס גְרָאז פוּן דֶעם פֶעלְד׃

26 דוּא וֶועסְט קוּמֶען צוּ דֵיין קֶבֶר אִין אַ גוּטֶע עֶלְטֶער, אַזוֹי גוּט וִויא אֵיין שֵׁייעֶר תְּבוּאָה וָואס גֵייט אוֹיף אִין זֵיינֶע צֵייט׃

27 זֶעה, דָאס דָאזִיגֶע הָאבֶּען מִיר אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט, אַזוֹי אִיז עֶס, דַארוּם הֶער צוּ, אוּנְד דוּא וֶועסְט עֶס אַלֵיין דֶערְקֶענֶען׃

קאפיטעל ו

1 אוּנְד אִיוֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט׃

2 הַלְוַאי הֶעט מֵיין צָארְן גוּט גֶעוְואוֹיגֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד אוֹיךְ מֵיין אוּמְגְלִיק אִין דִיא וָואגְשָׁאלֶען צוּזַאמֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען!

3 וָוארִין אַצוּנְד וָואלְטֶען זֵייא שְׁוֶוערֶער גֶעוֶועזֶען וִויא דֶער זַאמְד פוּן דִיא יַמִים, דַארִיבֶּער זֶענֶען מֵיינֶע וֶוערְטֶער פֶער־שְׁלוּנְגֶען׃

4 וָוארִין דִיא פֵיילֶען פוּן דֶעם אַלְ־מֶעכְטִיגֶען זֶענֶען מִיט (אָדֶער בֵּייא) מִיר, אוּנְד מֵיין רוּחַ טְרִינְקְט זֵייעֶר גִיפְט, דִיא שְׁרֶעקֶען פוּן גָאט שְׁטֶעלֶען (אָדֶער בְּרֵייטֶען) זִיךְ אָן קֶעגֶען מִיר׃

5 שְׁרֵייעֶט דֶען אַ מוֹיל־אֵייזֶעל אוֹיף דֶעם גְרָאז? אָדֶער בְּרִילְט אֵיין אָקְס בֵּייא זֵיין גֶעמִישְׁט עֶסֶען?

6 קֶען מֶען דֶען עֶסֶען אַ זַאךְ װָאס
הָאט קֵיין גֶעשְׁמַאק אָהְן זַאלְץ ? אָדֶער
אִיז דֶען עֶפֶּעס אַ טַעַם אִין דֶעם
װײַסֶעל פוּן אֵיין אֵיי ?
7 דָאס װָאס מֵיין נֶפֶשׁ װִיל נִיט אָנְ־
רִירֶען אִיז גֶעװָארֶען מֵיינֶע שְׁמֶערְצְלִיכֶע
(עֶקֶעלְהַאפְטֶע) שְׁפֵּייז :
8 הַלְוַאי, װָאלְט דָאךְ מֵיין פֶערלַאנְגֶען
אָנְגֶעקוּמֶען ! אוּנְד גָאט הֶעט מִיר
גֶעגֶעבֶּען נָאךְ מֵיינֶער הָאפְנוּנְג !
9 אַז גָאט זָאל װֶעלֶען מִיךְ צוּ צוּ־
שְׁטוֹיסֶען, אַז עֶר װָאלְט זֵיינֶע הַאנְד
לױז מַאכֶען כְּדֵי מִיךְ צוּ פֶערשְׁנֵיידֶען :
10 אַזוֹי הֶעט דָאס נָאךְ גֶעװֶעזֶען מֵיין
טְרוֹיסְט, אוּנְד אִיךְ הֶעט מִיךְ נָאךְ
גֶעפְרֵייט מִיט מֵיין שְׁמֶערְץ, עֶר הָאט
זִיךְ נִיט דֶערְבַּארְמְט, װָארִין אִיךְ הָאבּ
פֶערְמִיטֶען דִיא רֵייד פוּן דֶעם הֵיי־
לִיגֶען :
11 װָאס אִיז דֶען מֵיין כּוֹחַ אַז אִיךְ
זָאל הָאפֶען ? אוּנְד װָאס אִיז מֵיין סוֹף
דָאס אִיךְ זָאל פֶערלֶענְגֶערְן מֵיין לֶעבֶּען ?
12 אִיז דֶען מֵיין כּוֹחַ דֶער כּוֹחַ פוּן
שְׁטֵיינֶער ? אָדֶער אִיז מֵיין פְלֵייש װִיא
קוּפֶּער ?
13 אִיז דֶען נִיט מֵיינֶע הִילְף אִין
מִיר ? אָדֶער אִיז דִיא קְלוּגֶע עֵצָה פוּן
מִיר פֶערשְׁטוֹיסֶען ?
14 צוּ דֶעם װָאס אִיז פֶערצָאגְט זָאל
פוּן זֵיין פְרֵיינְד חֶסֶד גֶעטְהוּן װֶערֶען,
עֶר פֶערלָאזְט אַפִילוּ גָאט'ס פָארְכְט :
15 מֵיינֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען גֶעפֶעלְשְׁט
אַזוֹי װִיא אֵיין טַייךְ, אוּנְד אַזוֹי װִיא
טַייכֶען גֵייעֶן זֵייא פֶערְבֵּייא :
16 װָאס זֶענֶען שְׁװַארְץ (גֶעפְרוֹירֶען)
פוּן װֶעגֶען דֶעם אֵייז, אוּנְד דֶער שְׁנֵייא
בֶּעהַאלְט זֵייא :
17 אָבֶּער אִין דֶער װַארְמֶער צֵייט
צוּשְׁמֶעלְצֶען זֵייא, אוּנְד װֶעגֶען דֶער
הִיץ װֶערֶען זֵייא אַװֶעקְגֶעשְׁטוֹיסֶען פוּן
זֵייעֶר אָרְט :
18 דִיא שְׁטֵייגֶען פוּן זֵייעֶר װֶעג װֶערֶען
אָפְּגֶענֵייגְט, אוּנְד זֵייא צוּגֵייעֶן אִין
גָארְנִיט אוּנְד זֵייא װֶערֶען פֶערְלוֹירֶען :
19 זֵייא קוּקֶען אוֹיף דִיא רֵייזֶענְדֶע
פוּן תֵּימָא, דִיא מַחֲנוֹת פוּן שְׁבָא הָאבֶּען
אוֹיף זֵייא גֶעװַארְט :
20 זֵייא זֶענֶען פֶערְשֶׁעהְמְט גֶעװָארֶען
װײל זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזִיכֶערְט, זֵייא
זֶענֶען דָארְט אָנְגֶעקוּמֶען אוּנְד זֵייא
זֶענֶען פֶערְשֶׁעהְמְט גֶעװָארֶען :
21 װָארִין אַצוּנְד זֶענְט אִיהְר צוּ אִיהְם
גֶעגְלִיכֶען, אִיהְר זֶעהְט דֶעם בְּרָאךְ
דַארוּם הָאט אִיהְר מוֹרָא :
22 הָאבּ אִיךְ דֶען גֶעזָאגְט, גֶעבְּט מִיר
עֶפֶּעס ? אָדֶער גֶעבְּט שׁוֹחַד פוּן אֵייעֶר
פֶערְמֶעגֶען פַאר מֵיינֶעטְװֶעגֶען :
23 אָדֶער, זֵייט מִיךְ מַצִיל פוּן דֶעם
פֵיינְד ? אָדֶער דֶערְלֵייזְט מִיךְ פוּן דֶער
הַאנְד פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע ?
24 לֶעהְרְט מִיךְ, אוּנְד אִיךְ װֶעל
שְׁװֵייגֶען, אוּנְד גֶעבְּט מִיר צוּ פֶערְשְׁטֵיין
מִיט װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעאִירְט ?
25 װִיא שְׁטַארְק זֶענֶען אוֹיפְרִיכְטִיגֶע
רֵייד ! אָבֶּער װָאס בֶּעװֵייזֶען אֵיירֶע
שְׁטְרָאפוּנְגֶען ?
26 מֵיינְט אִיהְר דֶען דוּרךְ װֶערְטֶער
צוּ שְׁטְרָאפֶען ? אָבֶּער דִיא רֵייד זֶענֶען
גֶעגְלִיכֶען צוּם װִינְד :
27 אַפִילוּ אוֹיף דֶעם יָתוֹם װַארְפְט
אִיהְר (אֵיירֶע רֵייד), אוּנְד אִיהְר גְרוּבְּט
גְרִיבֶּער פַאר אֵיירֶע פְרֵיינְדֶע :
28 אָבֶּער אַצוּנְד װֶען אִיהְר װִילְט,
קֶעהְרְט אֵייךְ צוּ מִיר, אוֹיבּ אִיךְ

וָועל פַאר אײַער פָּנִים לִיגֶען זָאגֶען :
29 קֶעהְרְט אֵייךְ דָאךְ אוּם, אוּנְד לָאז
עֶס נִיט קֵיין אוּמְרֶעכְט זַיין, יוא
קֶעהְרְט אֵייךְ דָאךְ אוּם, מֵיינֶע גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט אִיז דַארִין :
30 אִיז דֶען אֵיין אוּמְרֶעכְט אִין מֵיינֶע
צוּנְג ? אָדֶער פֶערשְׁטֵייט נִיט מֵיין
גוּימֶען דִיא אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט ?

## קאַפּיטעל ז

1 אִיז דֶען נִיט אַ בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייט
צוּ אַ מֶענְשׁ אוֹיף דֶער עֶרְד ? אוּנְד
זֶענֶען נִיט זֵיינֶע טֶעג אַזוֹי וִויא דִיא
טֶעג פוּן אַ גֶעדוּנְגֶענֶעם ?
2 אַזוֹי וִויא אַ קְנֶעכְט שְׁמַאכְט פַאר
דֶעם שָׁאטֶען, אוּנְד אַזוֹי וִויא אַ גֶע־
דוּנְגֶענֶער הָאפְט אוֹיף דֶעם לוין פַאר
זֵיינֶע אַרְבֵּייט :
3 אַזוֹי הָאט מֶען מִיךְ גֶעמַאכְט
יַרְשְׁנְ'ן חֳדָשִׁים וָואס טוֹיגֶען נִיט, אוּנְד
נֶעכְט פוּן מִידִיגְקֵייט הָאט מֶען מִיר
צוּגֶעצֵיילְט :
4 וֶוען אִיךְ לֵייג מִיךְ אַנִידֶער, אַזוֹי
זָאג אִיךְ, וֶוען וֶועל אִיךְ אוֹיפְשְׁטֵיין,
אוּנְד וֶוען וֶועט דֶער אָבֶּענְד אוֹיסְגֶע־
מָאסְטֶען וֶוערֶען ? אוּנְד אִיךְ בִּין שׁוֹין
מִיד פוּן דֶעם אַהִין אוּנְד אַהֶער וַוארְפֶען
בִּיז צוּ דֶעם מָארְגֶען־לִיכְט :
5 מֵיין פְלֵיישׁ אִיז אָנְגֶעקְלֵייד מִיט
וֶוערְם אוּנְד שְׁמוּצִיגֶען שְׁטוֹיבּ, מֵיינֶע
הוֹיט אִיז אֵיינְגֶעשְׁרִינְקֶען אוּנְד עֶקֶעל־
הַאפְט גֶעוָוארֶען :
6 מֵיינֶע טֶעג פֶערשְׁוִוינְדֶען אַזוֹי גִיךְ
וִויא אַ וֶועבֶּער'ס שִׁיפֶּעלֶע, אוּנְד וֶוערֶען
פֶערְלֶענְט אָהְן אַ הָאפְנוּנְג :
7 אוֹי, גֶעדֶענְק דָאךְ אַז מֵיין לֶעבֶּען
אִיז וִויא אַ וִוינְד, מֵיינֶע אוֹיגֶען וֶועלֶען
נִיט מֶעהְר אוּמְקֶעהְרֶען צוּ זֶעהֶען
גוּטֶעס :
8 דָאס אוֹיג פוּן דֶעם וָואס הָאט מִיךְ
גֶעזֶעהֶען וֶועט מִיךְ נִיט מֶעהְר אָנְקוּקֶען,
דֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אוֹיף מִיר אוּנְד
אִיךְ בִּין נִיט מֶעהְר דָא :
9 אַזוֹי וִויא אַ וָואלְקֶען פֶערשְׁוִוינְט
אוּנְד גֵייט אַוֶועק, אַזוֹי וֶועט דֶער זַיין
וָואס גֵייט אַרוּפּ צוּ דֶעם שְׁאוֹל, עֶר
וֶועט נִיט מֶעהְר אַרוֹיפְקוּמֶען :
10 עֶר וֶועט נִיט מֶעהְר צוּרִיקְקוּמֶען
צוּ זַיין הוֹיז, אוּנְד זַיין אָרְט וֶועט
אִיהְם נִיט מֶעהְר דֶערְקֶענֶען :
11 דַארוּם וֶועל אִיךְ נִיט פֶערְמֵיידֶען
מֵיין מוֹיל, אִיךְ וֶועל רֶעדֶען אִין דֶער
עֶנְגְשַׁאפְט פוּן מֵיין גֶעמִיט, אוּנְד אִיךְ
וֶועל מִיךְ בֶּעקְלָאגֶען וֶועגֶען דִיא
בִּיטֶערְקֵייט פוּן מֵיין נֶפֶשׁ :
12 בִּין אִיךְ דֶען אַ יַם, אָדֶער אַ
וַואל־פִישׁ, דָאס דוּא הָאסְט אִיבֶּער
מִיר גֶעמַאכְט אַ וֶועכְטֶער ?
13 וֶוען אִיךְ זָאג אַז מֵיין בֶּעט זָאל
מִיךְ טְרֵייסְטֶען, מֵיין גֶעלֶעגֶער זָאל
דֶערְטְרָאגֶען מֵיינֶע קְלָאג :
14 אַזוֹי דֶערְשְׁרֶעקְסְט דוּא מִיךְ מִיט
חֲלוֹמוֹת, אוּנְד מִיט גֶעזִיכְטֶע טְהוּסְט
דוּא מִיךְ עֶנְגְסְטִיגֶען :
15 אוּנְד מֵיין לֵייבּ דֶערְוֵוילְט אוֹיס
לִיבֶּער דֶערשְׁטִיקְט צוּ וֶוערֶען, דֶעם
טוֹיט מֶעהְר וִויא דָאס לֶעבֶּען :
16 אִיךְ פֶערְאַכְט עֶס, אִיךְ וִויל נִיט
אֵייבִּיג לֶעבֶּען, לָאז מִיךְ דָאךְ אַלֵיין,
וָוארִין מֵיינֶע טֶעג זֶענֶען נַארִישׁ (הֶבֶל) :
17 וָואס אִיז דֶען דֶער מֶענְשׁ דָאס
דוּא מַאכְסְט אִיהְם גְרוֹיס, אוּנְד דוּא
טְהוּסְט צוּ אִיהְם דַיין הַארְץ ?
18 אוּנְד דָאס דוּא זָאלְסְט אַן אִיהְם
גֶעדֶענְקֶען יֶעדֶען פְרִיה־מָארְגֶען, אוּנְד

אַז דוא זָאלְסְט אִיהְם יֶעדֶע רֶגַע
פְּרוּפֶען ?
19 בִּיז וִויא לַאנְג וֶועסְט דוא דִיךְ נִיט
פוּן מִיר אַװעקְקֶעהְרֶען, אוּנְד מִיךְ נִיט
אַלֵיין לָאזֶען בִּיז אִיךְ הָאבּ אַרוּנְטֶער
גֶעשְׁלוּנְגֶען מֵיין שְׁפֵּייעֶכְץ ?
20 אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט, וָואס זָאל
אִיךְ צוּ דִיר טְהוּן, אוֹי דוא בֶּעהִיטֶער
פוּן דִיא מֶענְשֶׁען ! פַארְוָואס הָאסְט דוא
מִיךְ גֶעמַאכְט פַאר אַ צֵייכֶען צוּ דִיר,
אוּנְד אִיךְ בִּין צוּ מִיר אַלֵיין גֶעוָוארֶען
צוּ אַ מַשָׂא :
21 אוּנְד פַארְוָואס וִוילְסְט דוא נִיט
פֶערְגֶעבֶּען מֵיינֶע זִינְד, אוּנְד דוא
וִוילְסְט נִיט פוּן מִיר אַװעקְנֶעמֶען
מֵיינֶע אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט ? וָוארִין אַצוּנְד
וֶועל אִיךְ מִיךְ לֵייגֶען אִין דֶעם שְׁטוֹיבּ,
אוּנְד דוא וֶועסְט מִיךְ אִין דֶער פְּרִיה
זוּכֶען אָבֶּער אִיךְ וֶועל נִיט מֶעהְר דָא
זֵיין :

קאפּיטעל ח

1 אוּנְד בִּלְדַד הַשּׁוּחִי הָאט גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט, אוּנְד גֶעזָאגְט :
2 בִּיז וִויא לַאנְג וִוילְסְט דוא נָאךְ
זָאלְכֶעס רֶעדֶען ? אוּנְד (וִויא לַאנְג
זָאלֶען) דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֵיין מוֹיל
זֵיין וִויא אַ שְׁטַארְקֶער וִוינְד ?
3 טְהוּט דֶען גָאט פֶערְקְרִימֶען מִשְׁפָּט ?
אָדֶער טְהוּט דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער (גָאט)
פֶערְקְרִימֶען דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט ?
4 וֶוען דֵיינֶע קִינְדֶער הָאבֶּען גֶעזִינְ־
דִיגְט קֶעגֶען אִיהְם, אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא
אַװעקְגֶעשִׁיקְט פוּן וֶועגֶען זֵיירֶע זִינְד :
5 וֶוען דוא וֶועסְט אִין דֶער פְּרִיה
גָאט זוּכֶען, אוּנְד צוּ דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען
גָאט בֶּעטֶען :
6 וָוארִין וֶוען דוא וָואלְסְט גֶעוֶועזֶען
לוֹיטֶער אוּנְד רֶעכְטפֶארְטִיג, אַזוֹי וָואלְט
עֶר זִיךְ אוֹיךְ אַצוּנְד אִיבֶּער דִיר
דֶערְוֶועקְט, אוּנְד עֶר וָואלְט גֶעמַאכְט
אַז דִיא וְואוּינוּנְג פוּן דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט זָאל זֵיין בְּשָׁלוֹם :
7 חָאטְשֶׁע דֵיין אָנְהֵייבּ אִיז גֶעוֶועזֶען
קְלֵיין, דָאךְ וֶועט דֵיין סוֹף זֶעהְר גְרוֹיס
זֵיין :
8 וָוארִין פְרֶעג דָאךְ אָן דָאס פָארִיגֶע
דוֹר, אוּנְד בְּרֵייט דִיךְ אָן אוֹיסְצוּפְרֶעגֶען
פוּן זֵיירֶע אָבוֹת :
9 וָוארִין מִיר זֶענֶען נָאר פוּן נֶעכְטֶען
אָן, אוּנְד מִיר וֵוייסֶען נָאר נִיט, וָוארִין
אוּנְזֶערֶע טֶעג אוֹיף דֶער עֶרְד זֶענֶען
אַזוֹי וִויא אַ שָׁאטֶען :
10 זָאלֶען זֵייא דִיךְ נִיט בֶּעלֶעהְרֶען
אוּנְד צוּ דִיר זָאגֶען, אוּנְד אוֹיס זֵיירֶע
הֶערְצֶער אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען וֶוערְטֶער ?
11 קֶען דֶען דָאס פִּימְסֶען־הָאלְץ
וַואקְסֶען אָהְן אַ זוּמְפִּיג וַואסֶער ? אָדֶער
וַואקְסְט דֶען דָאס יַם־גְרָאז אָהְן
וַואסֶער ?
12 וֶוען עֶס אִיז נָאךְ גְרִין אַזוֹי וֶוערְט
עֶס נִיט אָפְּגֶעפְּלִיקְט, אוּנְד דָאךְ וֶוערְט
עֶס פֶערְדַארְט פְרִיהֶער פוּן אַלֶערְלֵייא
אַנְדֶערֶע גְרָאזֶען :
13 אַזוֹי זֶענֶען אוֹיךְ דִיא שְׁטֶעגֶען פוּן
אַלֶע וָואס פֶערְגֶעסֶען גָאט, אוּנְד דִיא
הָאפְנוּנְג פוּן דֶעם חוֹנֵף וֶועט פֶערְ־
לוֹירֶען וֶוערֶען :
14 אוּנְד זֵיינֶע פֶערְזִיכֶערוּנְג וֶועט
פֶערְגֵיין, אוּנְד זֵיין פֶערְטְרוֹיעֶן וֶועט
זֵיין וִויא דָאס הוֹיז פוּן אַ שְׁפִּינְגֶעוֶועבּ :
15 עֶר וֶועט זִיךְ אָנְלֶעהְנֶען אַן זֵיין
הוֹיז אָבֶּער עֶס וֶועט נִיט קֶענֶען בֶּעשְׁ־
טֵיין, עֶר וֶועט זִיךְ דַארַאן אָנְהַאלְטֶען
אָבֶּער עֶס וֶועט קֵיין קִיוּם נִיט הָאבֶּען :

16 עֶר װֶערְט פֵייכְט אֵיידֶער דִיא זוּן
גֵייט אוֹיף, אוּנְד אוֹיף זֵיין גָארְטֶען
גֵייעֶן אַרוֹיס זֵיינֶע צְװַייגֶען:
17 אוֹיף אֵיין הוֹיפֶען װֶערֶען זֵיינֶע
צְװַייגֶען אֵיינְגֶעװָאוּרְצֶעלְט, עֶס קוּקְט
אַהִין אוֹיף אַ הוֹיז פוּן שְׁטֵיינֶער:
18 װֶען עֶר װֶעט אִיהְם פֶערשְׁלִינְגֶען
פוּן זֵיין אָרְט אַזוֹי װֶעט עֶר אִיהְם
פֶערְלֵייקֶענֶען, (אוּנְד זָאגֶען) אִיךְ הָאבּ
דִיךְ נִיט גֶעזֶעהֶען:
19 זֶעה, דָאס אִיז דִיא פְרֵייד פוּן זֵיין
װֶעג, אוּנְד פוּן דֶעם שְׁטוֹיבּ שְׁפְּרָאצֶען
אַנְדֶערֶע אוֹיף:
20 זֶעה, גָאט פֶערְאַכְט נִיט דֶעם
פְרוּמֶען מֶענְשׁ, אוּנְד עֶר נֶעמְט אוֹיךְ
נִיט אָן דִיא הַאנְד פוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע
מֶענְשֶׁען:
21 בִּיז עֶר הָאט דַיין מוֹיל פוּל גֶע־
מַאכְט מִיט גֶעלֶעכְטֶער, אוּנְד דַיינֶע
לִיפֶען מִיט שַׁאלוּנְג:
22 דִיא װָאס הָאבֶּען דִיךְ פֵיינְד װֶעלֶען
זִיךְ אָנְטְהוּן מִיט שַׁאנְד, אוּנְד דָאס
גֶעצֶעלְט פוּן דִיא רְשָׁעִים װֶעט נִיט
מֶעהְר דָא זַיין:

קאפיטעל ט

1 אוּנְד אִיוֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט:
2 בֶּאֱמֶת, אִיךְ װֵייס אַז עֶס אִיז אַזוֹי,
אָבֶּער װִיא קֶען אַ מֶענְשׁ גֶערֶעכְט זַיין
פַאר גָאט?
3 װֶען עֶר װִיל זִיךְ מִיט אִיהְם קְרִיגֶען,
אַזוֹי קֶען עֶר אִיהְם נִיט עֶנְטְפֶערְן
אֵיינְס פוּן אַ טוֹיזֶענְד:
4 עֶר אִיז אַ קְלוּג הֶערְצִיגֶער אוּנְד
וּפן שְׁטַארְקֶען כּוֹחַ, װֶער הָאט זִיךְ
קֶעגֶען אִיהְם פֶערְהַארְטֶעט אוּנְד הָאט
שָׁלוֹם גֶעהַאט?
5 דֶער װָאס רִיקְט אַװֶעק בֶּערְג אוּנְד
זֵייא װֵייסֶען עֶס נִיט, אוּנְד דֶער װָאס
פֶערְקֶעהְרְט זֵייא אִין זֵיין צָארְן:
6 דֶער װָאס מַאכְט דִיא עֶרְד צִיטֶערְן
פוּן אִיהְר אָרְט, אוּנְד דָאס אִיהְרֶע
זֵיילֶען צִיטֶערְן:
7 דֶער װָאס זָאגְט צוּ דִיא זוּן אַז זִיא
זָאל נִיט שֵׁיינֶען, אוּנְד קֶעגֶען דִיא
שְׁטֶערְן פֶערְזִיגֶעלְט עֶר:
8 עֶר הָאט אַלֵיין אוֹיסְגֶעבְּרֵייט דֶעם
הִימֶעל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְרֶעטֶען
אוֹיף דִיא הֵייךְ פוּן דֶעם יַם:
9 עֶר װָאס מַאכְט דִיא מַזָלוֹת עָשׁ
כְּסִיל אוּנְד כִּימָה, אוּנְד דִיא חַדְרֵים
פוּן דָרוֹם־זֵייט:
10 דֶער װָאס טְהוּט גְרוֹיסֶע זַאכֶען
װָאס װֶענֶען נִיט אוֹיסְצוּפָארְשֶׁען, אוּנְד
װאוּנְדֶערְלִיכֶע זַאכֶען װָאס הָאבֶּען נִיט
קֵיינֶע צָאהְל:
11 זֶעה, עֶר גֵייט בֵּייא מִיר פַארְבֵּייא,
אוּנְד אִיךְ װֶעל אִיהְם נִיט זֶעהֶען, אוּנְד
עֶר גֵייט נָאכְאַמָאל פַארְבֵּייא אָבֶּער
אִיךְ בֶּעמֶערְק אִיהְם נִיט:
12 זֶעה, עֶר נֶעמְט אַװֶעק, אוּנְד װֶער
קֶען אִיהְם װִידֶערְקֶעהְרֶען? װֶער קֶען
צוּ אִיהְם זָאגֶען, װָאס טְהוּסְט דוּא?
13 (װֶען) גָאט טְהוּט נִיט אָפְּקֶעהְרֶען
זֵיין צָארְן, אוּנְטֶער אִיהְם מוּזֶען זִיךְ
בֵּייגֶען דִיא שְׁטָאלְצֶע הֶעלְפֶערְס:
14 מִכָּל שֶׁכֵּן, װִיא זָאל אִיךְ אִיהְם
עֶנְטְפֶערְן, אוּנְד אוֹיסְדֶערְװֵיילֶען מֵיינֶע
װֶערְטֶער מִיט אִיהְם צוּ רֶעדֶען?
15 װָארִין, אֲפִילוּ אִיךְ װֶער גֶערֶעכְט,
דָאךְ װָאלְט אִיךְ נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט,
גֵייעֶרְט אִיךְ הֶעט צוּ מֵיין שׁוֹפֵט גֶע־
בֶּעטֶען:
16 װֶען אִיךְ הֶעט אִיהְם אָנְגֶערוּפֶען,
אונד

אונד ער העט מיר געענטפערט, דאך
העט איך ניט געגלויבט אז ער האט
געהערט צו מיין קול:
17 וואָרין ער האט מיך צושטויסען
דורך דעם שטורמווינד, אונד ער האט
מיינע וואונדען בחנם פערמעהרט:
18 ער וויל מיך ניט צולאָזען אז איך
זאל מיין אָטעם שעפען, ווייל ער האט
מיך זאט געמאכט מיט ביטערקייט:
19 ווען (איך רעד) פון כח, זעה,
ער איז שטארקער, אונד פון וועגען
משפט, ווער וועט פאר מיר עדות
זאָגען:
20 ווען איך טהוא מיך אליין גער־
רעכט מאכען, אזוי טהוט מיך מיין
אייגען מויל בעשולדיגען, ווען איך
זאָג, איך בין גאנץ (פרום), דאס וועט
איך בעוויזען אז איך בין פער־
קרימט:
21 חאטשע איך ווער גאנץ (פרום),
דאך ווייס איך עס אליין ניט, איך
פעראכט מיין לעבען:
22 דאס איז איין זאך, דאריבער
האב איך עס געזאגט, ער פערטילגט
דעם פרומען (צוזאמען) מיט דעם
רשע:
23 ווען דיא רוט מאכט פלוצלונג
טויט, אזוי שפעט ער איבער דיא
פריפונג פון דיא אומשולדיגע:
24 דיא ערד איז איבערגעגעבען אין
דיא האנד פון דעם רשע, ער דעקט
צו דאס פנים פון איהרע שופטים,
ווען עס איז ניט אזוי, ווער איז ער דען?
25 אָבער מיינע טעג זענען גרינגער
וויא פון א לויפער, זייא זענען אוועק־
געלאָפען אונד זייא האבען ניט
געזעהען קיין גוטעס:

26 זייא פערגייאן וויא געשווינדע
שיפען, אזוי וויא איין אָדלער וואס
איילט זיך צו דעם עסען:
27 ווען איך זאלט זאגען, איך וועל
פערגעסען מיינע קלאג, איך וועל
פערלאזען מיין טרויריגעס פנים:
28 אזוי האב איך מורא וועגען אלע
מיינע שמערצען, וואָרין איך ווייס
גאנץ גוט אז דוא וועסט מיך ניט
אומשולדיג מאכען:
29 ווען איך בין פערשולדיגט, פאר־
וואס זאל איך מיך אומזוסט בעמיהען?
30 ווען איך זאלט מיך וואשען
מיט שנייא־וואסער, אונד מיינע הענד
ריין מאכען מיט לויג:
31 דאך וועסט דוא מיך איינטונקען
אין דיא גרוב, אזוי דאס מיינע
אייגענע קליידער וועלען מיך פער־
עקעלן:
32 וואָרין ער איז ניט א מענש אזוי
וויא איך, אז איך זאל איהם ענטפערן,
כדי צוזאמען צו קומען אין דעם
משפט:
33 עס איז אויך ניט פערהאנדען
צווישען אונס א מוכיח, אז ער זאל
לייגען זיינע האנד אויף אונס ביידע:
34 לאז ער אפטהון פון מיר זיינע
רוט, אונד לאז מיך ניט זיינע פארכט
דערשרעקען:
35 (דענסטמאל) וועל איך רעדען
אונד איך וועל ניט קיין מורא האבען,
אָבער עס איז ניט אזוי מיט מיר!

קאפיטעל י

1 מיין לייב איז פערעקעלט פאר
מיין לעבען, איך וועל שוין פערלאזען
מיינע קלאג, איך וועל רעדען אין
דער ביטערקייט פון מיין נפש:

2 איך װעל צו גאָט זאָגען, טהוא מיך ניט בּעשולדיגען, לאָז מיך דאָך װיסען פאַרװאָס דוא קריגסט דיך מיט מיר ?

3 איז עס דען גוט פאַר דיר אַז דוא זאָלסט אונטערדריקען ? אַז דוא זאָלסט פערראַכטען דאָס װערק פון דיינע הענד ? אונד אַז דוא זאָלסט שיינען אויף דיא עצה פון דיא רשעים ?

4 האָסט דוא דען אויגען (וויא) פון פלייש ? אָדער זעהסט דוא אַזוי וויא מענשען זעהען ?

5 זענען דען דיינע טעג אַזוי וויא דיא טעג פון אַ מענש, אָדער זענען דיינע יאָהרען אַזוי וויא דיא יאָהרען פון אַ מענש ?

6 דאָס דוא זוכסט אויס מיינע אומגערעכטיגקייט, אונד פאַרשעסט אויס מיינע זינד ?

7 דוא ווייסט דאָך אַז איך בּין ניט קיין רשע, אונד אַז קיינער קען ניט פון דיינע האַנד מציל זיין :

8 דיינע הענד האָבען מיך געפאָרעמט אונד געמאַכט, אים גאַנצען רינגס אַרום, דאָך טהוסט דוא מיך פערדאַרבּען :

9 געדענק דאָך (איך בּעט דיך) אַז דוא האָסט מיך געמאַכט וויא ליים, אונד ווילסט דוא מיך צוריקקעהרען צו דעם שטויב ?

10 האָסט דוא מיך ניט אויסגעגאָסען אַזוי וויא מילך, אונד מיך געגליװערט אַזוי וויא קעז ?

11 דוא האָסט מיך בּעקלייד מיט הויט אונד פלייש, אונד מיט בּיינער אונד אָדערן האָסט דוא מיך בּעדעקט :

12 לעבּען אונד חסד האָסט דוא מיט מיר געטהון, אונד דיינע בּעפעהלונגען האָבּען בּעהיט מיין רוח :

13 אונד דיא דאָזיגע זאַכען האָסט דוא בּעהאַלטען אין דיין האַרץ, איך ווייס אַז דאָס איז מיט דיר :

14 ווען איך זינדיג אַזוי בּעטראַכסט דוא מיך, אונד דוא וועסט מיך ניט ריינינגען פון מיינע אומגערעכטיגקייט :

15 ווען איך בּין שלעכט, אוי, וויא איז מיר ! אונד ווען איך בּין שוין גערעכט קען איך דאָך ניט אויפהייבּען מיין קאָפּ, איך בּין זאַט פון שאַנד, אונד זעה מיינע פּיין :

16 דוא יאָגסט אונד חאַפּסט מיך אַזוי וויא אַ לייבּ אין דעם נעץ, אונד דוא טהוסט דיך ווידער וואונדערליך אין מיר בּעווייזען :

17 דוא בּענייערסט דיינע עדות קעגען מיר, אונד פערמעהרסט דיין צאָרן קעגען מיר, פערבּייטונג אונד מלחמות זענען קעגען מיר :

18 אָבּער פאַרוואָס האָסט דוא מיך אַרויסגענומען פון דעם בּויך ? הלואי וואָלט איך בּאַלד פערגאַנגען, אַז קיין אויג וואָלט מיך ניט געזעהען :

19 איך וואָלט געוועזען גלייך אַזוי וויא איך וואָלט ניט געוועזען, הלואי וואָלט איך געבּראַכט געוואָרען בּאַלד פון דעם בּויך צו דעם קבר :

20 זענען דען ניט מיינע טעג ווייניג ? טהוא דאָך אָפּ פון מיר, כּדי איך זאָל מיך אַביסעלע שטאַרקען :

12 איידער איך וועל אַוועקגיין אונד וועל ניט צוריקקעהרען, צו דעם לאַנד פון פינסטערניס אונד שאָטען פון טויט :

22 אַ לאַנד פון טונקעלהייט, אַזוי

וִויא דִיא רֶעכְטֶע פִּינְסְטֶערְנִיס אוּנְד
שָׁאטֶען פוּן טוֹיט, אַוְואוּ עֶס אִיז קֵיינֶע
אָרְדֶענוּנְג נִיט פֶערְהַאנְדֶען, אוּנְד אַפִּילוּ
דָאס לִיכְט אִיז אוֹיךְ אַזוֹי וִויא פִּינְסְ־
טֶערְנִיס׃

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד צוֹפַר הַנַעֲמָתִי הָאט גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט, אוּנְד גֶעזָאגְט׃
2 זָאלֶען נִיט דִיא פִילֶע וֶוערְטֶער
גֶעעֶנְטְפֶערְט וֶוערֶען? אָדֶער זָאל אַ
מֶענְשׁ (וָואס רֶעט מִיט) לִיפֶּען גֶערֶעכְט
וֶוערֶען?
3 זָאלֶען מֶענְשֶׁען שְׁוַויינֶען צוּ דֵיינֶע
אוֹיסְטְרַאכְטוּנְג? אָדֶער זָאלְסְט דוּא
שְׁפֶּעטֶען אוּנְד זָאל דִיךְ קֵיינֶער נִיט
בֶּעשֶׁעהְמֶען?
4 וָוארִין דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט, מֵיינֶע
לֶערְנוּנְג אִיז רֵיין, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶע־
וֶועזֶען לוֹיטֶער אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען׃
5 אָבֶער אוֹי, וֶוען גָאט הֶעט נָאר
גֶעוָואלְט רֶעדֶען, אוּנְד זֵיינֶע לִיפֶּען
קֶעגֶען דִיר אוֹיפְמַאכֶען!
6 אַזוֹי הֶעט עֶר דִיר אָנְגֶעזָאגְט דִיא
פֶערְהוֹילֶענֶע חָכְמָה, וָוארִין עֶס אִיז
טָאפֶּעלְט צוּ דֶעם וָואס אִיז דִיא
וִויסֶענְשַׁאפְט, אָבֶער דוּא זָאלְסְט וִויסֶען
אַז גָאט הָאט פוּן דִיר וֶוענִיגֶער פֶערְ־
לַאנְגְט פוּן וֶועגֶען דֵיינֶע זִינְד׃
7 קֶענְסְט דוּא דוּרְךְ פָארְשׁוּנְג גָאט
אוֹיסְגֶעפִינֶען? אָדֶער קֶענְסְט דוּא בִּיז
צוּ דֶעם עֶנְד דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען אוֹיסְ־
גֶעפִינֶען?
8 עֶס אִיז הֶעכֶער וִויא דִיא הִימֶעלֶען,
וָואס קֶענְסְט דוּא טְהוּן? עֶס אִיז טִיפֶער
וִויא דֶער שְׁאוֹל, וָואס קֶענְסְט דוּא
וִויסֶען?
9 דָאס מָאס דֶערְפוּן אִיז לֶענְגֶער וִויא
דִיא עֶרְד, אוּנְד בְּרֵייטֶער דֶען דָאס יַם׃
10 וֶוען עֶר פֶערְשְׁנֵייט אוּנְד פֶערְ־
שְׁלִיסְט, אָדֶער זַאמֶעלְט וִוידֶער צוּ־
זַאמֶען, וֶוער קֶען אִיהְם צוּרִיקְהַאלְטֶען?
11 וָוארִין עֶר קֶענְט דָאךְ דִיא פַאלְשֶׁע
מֶענְשֶׁען, עֶר זֶעהְט אוֹיךְ דָאס אוּמְ־
רֶעכְט, אוּנְד זָאל עֶר עֶס נִיט בֶּעְ־
טְרַאכְטֶען?
12 אָבֶער אַ מֶענְשׁ וָואס אִיז אוֹיסְ־
גֶעלֵיידִיגְט קְרִיגְט פֶערְשְׁטַאנְד, אוּנְד
דֶער מֶענְשׁ וֶוערְט גֶעבּוֹירֶען אַזוֹי וִויא
אַ וִוילְדֶער מוֹיל־אֵייזֶעל׃
13 וֶוען דוּא וֶועסְט דֵיין הָאַרְץ אָנְ־
בְּרֵייטֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט צוּ אִיהְם
אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען דֵיינֶע הֶענְד׃
14 וֶוען אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז אִין
דֵיינֶע הֶענְד אַזוֹי זָאלְסְט דוּא עֶס
דֶערְוֵוייטֶערְן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט קֵיין
אוּמְרֶעכְט לָאזֶען וְואוֹינֶען אִין דֵיין
גֶעצֶעלְט׃
15 וָוארִין דֶענְסְטְמָאל וֶועסְט דוּא
קֶענֶען אוֹיפְהֵייבֶּען דֵיין פָּנִים אָהְן אַ־
פֶּעהְלֶער, אוּנְד וֶועסְט שְׁטַארְק זֵיין
אוּנְד וֶועסְט קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען׃
16 וָוארִין דוּא וֶועסְט פֶערְגֶעסֶען דֵיינֶע
מִידִיגְקֵייט, אוּנְד וֶועסְט עֶס גֶעדֶענְקֶען
אַזוֹי וִויא דָאס פָארְאִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶענֶע
וַואסֶער׃
17 אוּנְד דֵיינֶע עֶלְטֶער וֶועט אוֹיפְ־
שְׁטֵיין וִויא אִין מִיטֶען טָאג, דוּא וֶועסְט
לֵייכְטֶען, דוּא וֶועסְט זֵיין אַזוֹי וִויא דֶער
פְרִיהְמָארְגֶען׃
18 אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵיין אִין זִיכֶערְ־
הֵייט, וַוייל עֶס אִיז נָאךְ הָאפְנוּנְג
פֶערְהַאנְדֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט אַרוּם
דִיר גְרוּבֶּען, אוּנְד דוּא וֶועסְט רוּהֶען
אִין זִיכֶערְהֵייט׃

19 דוא וועסט דיך אויף אַנידערר־
לייגען, אונד קיינער וועט דיך ניט
דערשרעקען, אונד פֿילע לייט וועלען
דיין פָּנִים אָנבעטען:
20 אָבער דיא אויגען פֿון דיא רְשָׁעִים
וועלען פֿערלענט ווערען, אונד זייערע
ענטרינונג וועט פֿון זייא פֿערלוירען
ווערען, אונד זייערע האָפֿענונג וועט
זיין אַזוי וויא איינער וואָס דיא נְשָׁמָה
גייט איהם אויס:

קאפיטעל יב

1 אונד איוב האָט געענטפֿערט, אונד
ער האָט געזאָגט:
2 בֶּאֱמֶת וואָרין איהר זענט דאָס
פֿאָלק, אונד מיט אייך וועט דיא חָכְמָה
שטאַרבען:
3 איך האָב אויך אַזאַ אַ פֿערשטענדיג
האַרץ וויא איהר, איך בין ניט מעהר
געפֿאַלען וויא איהר, אונד ווער ווייס
דען ניט זאָלכע זאַכען וויא דיא
דאָזיגע?
4 איך בין אַזוי וויא איינער וואָס איז
פֿערשפּאָט פֿון זיין פֿריינד, וואָס רופֿט
צו גאָט אונד ער ענטפֿערט איהם,
דער צַדִיק וואָס איז אויפֿריכטיג איז
פֿערלאַכט:
5 דער וואָס איז אָנגעברייט אויסצוּ־
גליטשען מיט זיינע פֿיס איז וויא אַ
פֿעראַכטעטע לאָמפּ אין דיא געדאַנקען
פֿון דעם וואָס איז געשטילט (האָט
שָׁלוֹם):
6 דיא געצעלטען פֿון דיא רייבערס
ווענען בְּשַׁלְוָה, אונד דיא וואָס אָנרייצען
גאָט זענען אין זיכערהייט, אין וועמעס
הענד גאָט ברענגט נאָך פֿיל:
7 פֿרעג דאָך אַפִּילוּ דיא בְּהֵמוֹת,
אונד זייא וועלען דיך בעלעהרען,
אונד דיא פֿייגעל פֿון דעם הימעל,
אונד זייא וועלען עס צו דיר אָנ־
זאָגען:
8 אָדער רעד צו דער ערד, אונד
זיא וועט דיך אויך בעלעהרען, אונד
דיא פֿיש פֿון דעם יַם וועלען עס צו
דיר דערציילען:
9 ווער ווייסט עס דען ניט פֿון אַלע
דיא דאָזיגע, דאָס גאָט'ס האַנד האָט
דאָס דאָזיגע געמאַכט?
10 וואָס אין זיינע האַנד איז דאָס
נֶפֶשׁ פֿון איטליכען לעבעדיגען, אונד
דער רוּחַ פֿון איטליכען מענש:
11 טהוט ניט דאָס אויער פּרוּפֿען
דיא ווערטער? אונד (טהוט ניט) דער
גוימען פֿערזוכען פֿאַר זיך דיא שפּייז?
12 צווישען דיא אַלטע לייט איז
חָכְמָה, אונד אין לאַנגע טעג איז
פֿערשטאַנד:
13 מיט איהם איז חָכְמָה אונד
שטאַרקהייט, ביי איהם איז (אויך)
עֵצָה אונד פֿערשטאַנד:
14 זעה, ווען ער צוּברעכט אַזוי קען
עס ניט ווידער אויפֿגעבויעט ווערען,
ווען ער פֿערשליסט אַ מענש אַזוי קען
מען ניט אויפֿמאַכען:
15 זעה, ער האַלט אויף דיא וואַסערן
אונד עס ווערט טרוקען, אונד ער
שיקט זייא ווידער אַרויס אונד זייא
פֿערקעהרען דיא ערד:
16 מיט איהם איז שטאַרקהייט אונד
קלוּגהייט, צו איהם געהערט דער וואָס
פֿעראירט זיך אונד דער וואָס מאַכט
פֿעראירען:
17 ער פֿיהרט אַוועק דיא עֵצָה־גע־
בער'ס בערויבט, אונד דיא שוֹפְטִים
מאַכט ער נאַריש:

ער

18 עֶר מַאכְט אויף דִיא גֶעבּוּנְדֶענֶע
מְלָכִים, אוּנְד עֶר בִּינְד אָן אַ גַארְטֶעל
אָן זֵיירֶע לֶענְדֶען :
19 עֶר פִיהְרְט אַװֶעק דִיא כּוֹהֲנִים
בֶּערוֹיבְּט, אוּנְד דִיא שְׁטַארְקֶע טְהוּט
עֶר פֶערקְרִימֶען :
20 עֶר טְהוּט אַפִילוּ אַװֶעק דִיא לִיפֶּען
פוּן דִיא בֶּעגְלֵייבְּטֶע, אוּנְד עֶר גֶעמְט
אויךְ אַװֶעק דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד פוּן דִיא
עֶלְצְטֶע :
21 עֶר גִיסְט אוֹיס שַׁאנְד אויף דִיא
פִירְשְׁטֶען, אוּנְד דֶעם גַארְטֶעל פוּן דִיא
שְׁטַארְקֶע מַאכְט עֶר שְׁלַאף :
22 עֶר אֶנְטפְּלֶעקְט דִיא טִיפֶענִים
אוֹיס דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד עֶר
בְּרֶענְגְט אַרוֹיס צוּ דֶעם לִיכְט דֶעם
שָׁאטֶען פוּן דֶעם טוֹיט :
23 עֶר דֶערְהֵייבְט אָדֶער (מַאכְט גְרוֹיס)
דִיא פֶעלְקֶער אוּנְד מַאכְט זַייא פֶערְ־
לוֹירֶען װֶערֶען, עֶר פֶערְשְׁפְּרֵייט פֶעלְקֶער
אוּנְד עֶר לָאזְט זַייא אַװֶעקְפִיהְרֶען :
24 עֶר גֶעמְט אַװֶעק דָאס הַארְץ פוּן
דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם פָאלְק פוּן
דֶעם לַאנְד, אוּנְד מַאכְט זַייא אַרוּמְ־
װַאנְדֶערְן אַװוּאוּ עֶס אִיז קֵיין װֶעג :
25 זַייא טַאפֶּען אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס
אַװוּאוּ עֶס אִיז קֵיין לִיכְט, עֶר מַאכְט
זַייא פֶערְאִירֶען אַזוֹי װִיא אַ שִׁיכּוֹר :

## קאפיטעל יג

1 זֶעהְט, דָאס אַלֶעס הָאט מֵיין אוֹיג
גֶעזֶעהֶען, מֵיין אוֹיעֶר הָאט עֶס גֶעהֶערְט
אוּנְד הָאט עֶס פֶערְשְׁטַאנֶען :
2 דָאס װָאס אִיהְר װייסְט דָאס װייס
אִיךְ אוֹיךְ, אִיךְ בִּין נִידֶערִיגֶער גֶעפַּא־
לֶען װִיא אִיהְר :
3 בְּאֶמֶת, אִיךְ װֶעל רֶעדֶען צוּ דֶעם
אַלְמֶעכְטִיגֶען, אוּנְד מִיט גָאט הָאבּ אִיךְ
אַ פֶערְלַאנְגֶען אַ וִיכּוּחַ צוּ הָאבֶּען :
4 אָבֶּער אִיהְר זֶענְט זָאלְכֶע װָאס
טְרַאכְטֶען נָאר אוֹיס לִיגֶען, אוּנְד אִיהְר
זֶענְט אַלֶע דָאקְטוֹירֶעם װָאס טוֹיגֶען
נִיט :
5 הַלְוַאי װָאלְט אִיהְר אִים גַאנְצֶען
שְׁטִיל גֶעשְׁװִיגֶען! דָאס װָאלְט גֶעװֶעזֶען
צוּ אֵייךְ אַ חָכְמָה :
6 הֶערְט דָאךְ מֵיינֶע הַכוּחָה, אוּנְד
פֶערְנֶעמְט דִיא פֶערְטֵיידִיגוּנְג פוּן מֵיינֶע
לִיפֶּען :
7 װָאלְט אִיהְר דֶען קֶענֶען גָאט
אוּמְרֶעכְט רֶעדֶען ? אוּנְד קֶעגֶען אִיהְם
פַאלְשְׁקֵייט רֶעדֶען ?
8 װָאלְט אִיהְר זַיין פָּנִים אוֹיפְנֶעמֶען ?
אָדֶער װָאלְט אִיהְר אֵייךְ פַאר גָאט
קְרִיגֶען ?
9 אִיז עֶס דֶען גוּט אַז עֶר זָאל אֵייךְ
אוֹיסְפָארְשֶׁען ? אָדֶער װָאלְט אִיהְר
קֶעגֶען אִיהְם שְׁפֶּעטֶען אַזוֹי װִיא מֶען
שְׁפֶּעט קֶעגֶען אַ מֶענְשׁ ?
10 עֶר װֶעט אֵייךְ גֶעװִיס בֶּעשְׁטְרָאפֶען,
װֶען אִיהְר װֶעט אִים פֶערְבָּרְגֶענֶעם
נוֹשֵׂא פָּנִים זַיין :
11 זָאל דֶען אֵייךְ נִיט זַיינֶע הוֹיכְקֵייט
דֶערְשְׁרֶעקֶען ? אוּנְד זַיינֶע פָארְכְט
אִיבֶּער אֵייךְ פַאלֶען ?
12 אֵייעֶר גֶעדֶעכְטֶענִים אִיז גֶעגְלִיכֶען
צוּ אַשׁ, אוּנְד אֵיירֶע הוֹיכְקֵייט (אָדֶער
אֵיירֶע קֶערְפֶּערִם) זֶענֶען גֶעגְלִיכֶען צוּ
לֵיים :
13 שְׁװייגְט דָאךְ שְׁטִיל פוּן מִיר, אוּנְד
אִיךְ װֶעל רֶעדֶען, אוּנְד לָאז אִיבֶּער
מִיר אַרִיבֶּערְגֵיין װָאס עֶס װִיל :
14 פַארְװָאס הֵייבּ אִיךְ אוֹיף מֵיין
פְלֵיישׁ אִין מֵיינֶע צֵיין, אוּנְד טְרָאג
מֵיין לֶעבֶּען אִין מֵיינֶע הֶענְד ?

15 חָאטְשֶׁע עֶר װֶעט מִיךְ טֵייטְען אַזוֹי װֶעל אִיךְ דָאךְ צוּ אִיהְם הָאפֶּען, אָבֶּער אִיךְ װֶעל מֵיינֶע װֶעגֶען פַאר זֵיין פָּנִים רֶעכְטפֶארְטִיגֶען:

16 עֶר זָאל אוֹיךְ זֵיין מֵיינֶע הִילְף, װָארִין קֵיין חוֹנֵף װֶעט נִיט פַאר אִיהְם קוּמֶען:

17 הֶערְט דָאךְ גוּט צוּ מֵיינֶע רֵייד, אוּנְד לָאז מֵיינֶע דֶערקְלֶערוּנְג אַרֵיינְגֵיין אִין אֵיירֶע אוֹיעֶרְן:

18 זֶעהְט דָאךְ, אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעבְּרֵייט מִשְׁפָּט, אִיךְ װֵייס אַז אִיךְ װֶעל גֶערֶעכְטפַארְטִיגְט װֶערֶען:

19 װֶער אִיז דֶער װָאס װִיל זִיךְ מִיט מִיר קְרִיגֶען? װָארִין אַצוּנְד װֶעל אִיךְ שְׁטִילשְׁװֵייגֶען אוּנְד אִיךְ װֶעל פֶערְגֵיין:

20 נָאר טְהוּא נִיט צְװֵייא זַאכֶען צוּ מִיר, דֶענְסְטְמָאל װֶעל אִיךְ מִיךְ נִיט פוּן פַאר דִיר בֶּעהַאלְטֶען:

21 דֶערְװֵייטֶער דֵיינֶע הַאנְד פוּן מִיר, אוּנְד לָאז מִיךְ נִיט דֵיינֶע פָּארְכְט דֶערשְׁרֶעקֶען:

22 דֶערְנָאךְ רוּף, אוּנְד אִיךְ װֶעל עֶנְטְפֶערְן, אָדֶער אִיךְ װֶעל רֶעדֶען אוּנְד דוּא װֶעסְט מִיר עֶנְטְפֶערְן:

23 װִיא פִיל זֶענֶען מֵיינֶע אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען אוּנְד מֵיינֶע זִינְד, לָאז מִיךְ װִיסֶען מֵיינֶע פְּשָׁעִים אוּנְד מֵיינֶע זִינְד:

24 פַארְװָאס פֶערְבָּארְגְסְט דוּא דֵיין פָּנִים, אוּנְד רֶעכֶענְסְט מִיךְ פַאר אַ פֵיינְד צוּ דִיר:

25 װִילְסְט דוּא דֶען צוּבְּרֶעכֶען אַ בְּלַאט װָאס אִיז פֶערְטְרִיבֶּען (פוּן דֶעם װִינְד), אוּנְד װִילְסְט דוּא נָאכְיָאגֶען פֶערְטְרוּקֶענֶעס שְׁטְרוֹי?

26 װָארִין דוּא שְׁרֵייבְּסְט בִּיטֶערֶע זַאכֶען קֶעגֶען מִיר, אוּנְד דוּא מַאכְסְט מִיךְ יַרְשְׁנְ'ן דִיא זִינְד פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד:

27 אוּנְד דוּא טְהוּסְט מֵיינֶע פִּיס אִין אַ קְלָאץ, אוּנְד דוּא הִיטֶעסְט אַלֶע מֵיינֶע שְׁטֶעגֶען, אוּנְד דוּא מַאכְסְט אַ צֵייכֶען אוֹיף דִיא טְרִיט פוּן מֵיינֶע פִּיס:

28 אָבֶּער עֶר װֶערְט פֶערְפוֹילְט װִיא אַ פֶערְפוֹילְטֶע זַאךְ, אַזוֹי װִיא אַ קְלֵייד װָאס דִיא מִילְבּ (דִיא מָאט) פְרֶעסֶען אוֹיף:

## קאפיטעל יד

1 אַ מֶענְשׁ װָאס אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן אַ פְרוֹיא, אִיז נָאר פוּן װֵיינִיג טֶעג, אוּנְד אִיז זַאט פוּן רוֹגֶז (טְרִיבְּזַאל):

2 עֶר גֵייט אוֹיף אַזוֹי װִיא אַ בְּלוּם אוּנְד װֶערְט פֶערְװֶעלְקְט, אוּנְד עֶר עֶנְטְלוֹיפְט װִיא אַ שָׁטָן, אוּנְד בְּלֵייבְּט נִיט בֶּעשְׁטֵיין:

3 אַפִילוּ אוֹיף אַזָאלְכֶע הָאסְט דוּא אוֹיפְגֶעמַאכְט דֵיינֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער מִיךְ הָאסְט דוּא גֶעבְּרֶענְגְט אִין מִשְׁפָּט מִיט דִיר:

4 װֶער קֶען דֶען אַ רֵיינֶעס אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען פוּן אֵיין אוּמְרֵיינֶעס, נִיט אַמָאל אֵיינֶער:

5 װֶען זֵיינֶע טֶעג זֶענֶען בֶּעשְׁטִימְט, אַזוֹי זֶענֶען אוֹיךְ זֵיינֶע חָדָשִׁים בֵּייא דִיר גֶעצֵיילְט, דוּא הָאסְט גֶעמַאכְט אַ גֶעזֶעץ, אוּנְד עֶר קֶען עֶס נִיט אִיבֶּערְפָארֶען:

6 קוּק אַװֶעק פוּן אִיהְם אוּנְד לָאז עֶר זֵיין פֶערְמִיטֶען, בִּיז עֶר װֶעט אַלֵיין װֶעלֶען, אַזוֹי װִיא אַ טָאג אַרְבֵּייטֶער (שְׂכַר יוֹם):

7 װָארִין צוּ אַ בּוֹים אִיז נָאךְ פֶערְהַאנְדֶען אַ הָאפֶענוּנְג, חָאטְשֶׁע עֶר אִיז אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען טְהוּט עֶר דָאךְ אוֹיס־

וואַקסען, אוּנד זײַנע יוּנגע צװײַגען
װעלען נִיט אויפהערען:
8 אוּנד אַפִּילוּ װען זײַנע װאָרצעל
װערען אַלט אִין דער ערד, אוּנד דער
שטאם דערפוּן שטאַרבט:
9 דאָך דוּרך דעם רֵיחַ פוּן װאַסער
טהוּט ער װידער בּליהען, אוּנד מאַכט
צװײַגען אַזױ װיא אַיין געפּלאַנצטער
בּוים:
10 אָבער אַ מענש, װען ער שטאַרבּט
װערט ער פערשלאַפט, אוּנד װען אַ
מענש פערגײט, אַװוּא אִיז ער?
11 אַזױ װיא דיא װאַסערן גײען
אַרױס פוּן דעם יַם, אוּנד װיא דער
טײַך װערט חָרוּב אוּנד פערטריקענט:
12 אַזױ לײגט זיך דער מענש אַנידער
אוּנד ער שטײט נִיט מעהר אויף, בּיז
דיא הימעלן זענען נִיט מעהר, זײא
װעלען נִיט אויפװאַכען, אוּנד זײא
װעלען זיך נִיט דערװעקען פוּן זײער
שלאָף:
13 הַלְוַאי װאָלסט דוּא מיך בּעהאַלט־
טען אִין דעם שְׁאוֹל, הַלְוַאי װאָלסט
דוּא מיך בּעהאַלטען בּיז דײַן צאָרן
האָט זיך אָפּגעקעהרט, אוּנד דוּא
װאָלסט מיר אַ צײַט בּעשטימט אוּנד
אָן מיר געדענקען!
14 אָבער װען אַ מענש שטאַרבט װעט
ער װידער לעבעדיג װערען? איך
װעל האָפען אַלע טעג פוּן מײַנע צײַט
בּיז מײַנע פערבּײַטוּנג װעט אָנקוּמען:
15 דוּא װעסט רוּפען, אוּנד איך װעל
דיר ענטפערן, דוּא װעסט גלוּסטען צוּ
דיא מַעֲשִׂים פוּן דײַנע הענד:
16 װאָרין אַצוּנד צײלסט דוּא מײַנע
טריט! טהוּסט דוּא נִיט היטען
(װאַכען) איבּער מײַנע זינד?

17 מײַנע זינד זענען פערחתמת אִין
אַ בּינדעל, אוּנד דוּא נײסט צוּזאַמען
מײַנע אוּמגערעכטיגקײט:
18 בּאֱמֶת, דער בּאַרג װאָס פאַלט
דער פערװעלקט, אוּנד דער פעלזען־
שטײן װערט אַװעקגערוּקט פוּן זײַן
אָרט:
19 דאָס װאַסער פערפלײצט דיא
שטײנער, דוּא טהוּסט אַװעקװאַשען
דעם שטױבּ פוּן דער ערד, אוּנד דוּא
מאַכסט פערלירען דיא האָפנוּנג פוּן
דעם מענש:
20 דוּא טהוּסט איהם איבּערװעלטי־
גען אויף אײבּיג, אוּנד ער גײט אַװעק,
דוּא טהוּסט זײַן פָּנִים פערענדערן,
אוּנד דוּא שיקסט איהם אַװעק:
21 זײַנע זיהן װערען בּכבוד געהאַל־
טען אוּנד ער װײס עס נִיט, אוּנד
זײא װערען דערנידערט אוּנד ער
פערשטײט גאָר נִיט פוּן זײא:
22 אָבער זײַן פלײש אויף איהם אַלײן
האָט שמערצען, אוּנד זײַן נֶפֶשׁ מוּז
איבּער איהם טרױערן:

קאַפּיטעל טו

1 אַזױ האָט אֱלִיפַז הַתֵּימָנִי געענט־
פערט, אוּנד געזאָגט:
2 זאָל דען דער חָכָם ענטפערן מיט
אַ װיסענשאַפט פוּן װינד (אָדער נאַ־
רישקײט), אוּנד אָנפילען זײַן בּויך מיט
דעם מִזְרַח־װינד?
3 זאָל ער שטראָפען מיט װערטער
װאָס טוֹיגען נִיט? אוּנד מיט זאַכען
רײד מיט װאָס עס קען נִיט געהאָלפען
װערען?
4 יאָ, דוּא אַלײן צוּשטערסט דיא
פאָרכט, אוּנד דוּא טהוּסט מינערן
דאָס געבּעט פאַר גאָט:


וואָרין

5 וָוארִין דַיין מויל לֶערְנְט דִיך אויסְ־
צוּרֶעדֶען דַיינֶע זִינְד, אוּנְד דוּא הָאסְט
דִיר אויסְדֶערְוָוילְט אַ פַאלְשֶׁע צוּנְג:
6 דַיין אֵייגֶען מויל בֶּעשׁוּלְדִיגְט דִיך,
אָבֶּער נִיט אִיך, אוּנְד אַפִּילוּ דַיינֶע
לִיפֶּען עֶנְטְפֶערְן קֶעגֶען דִיר:
7 בִּיזְט דוּא דֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער מֶענְשׁ
וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען? אָדֶער בִּיזְט דוּא
דֶען גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אֵיידֶער דִיא
הוֹיכֶע בֶּערְג:
8 הָאסְט דוּא דֶען גֶעהֶערְט דֶעם סוֹד
פוּן גָאט? אָדֶער הָאסְט דוּא צוּ דִיר
גֶעלָאזְט אַרוּפְּרִינְגֶען חָכְמָה?
9 וָואס וַוייסְט דוּא דָאס מִיר נִיט
וִויסֶען? וָואס פֶערְשְׁטֵייסְט דוּא אוּנְד
עֶס אִיז נִיט בַּייא אוּנְס?
10 אוֹיךְ זֶענֶען צְוִוישֶׁען אוּנְס גְרוֹיעֶ
אוּנְד זֶעהר אַלְטֶע לֵייט, פִיל עֶלְטֶער
אִין טֶעג וִויא דַיין פָאטֶער:
11 זֶענֶען דֶען דִיא טְרַייסְטוּנְגֶען פוּן
גָאט צוּ וֶוענִיג מִיט דִיר? אָדֶער אִיז
דָאס זִיסֶע וָוארְט מִיט דִיר?
12 פַארְוָואס גֶעמְט דִיךְ דַיין הַארְץ
אַוֶועק? אוּנְד פַארְוָואס ווִינְקֶען דַיינֶע
אוֹיגֶען?
13 דָאס דוּא קֶעהְרְסְט צוּרִיק צוּ גָאט
דַיין רוּחַ, אוּנְד לָאזְט אַ זָאלְכֶע וֶוערְטֶער
אַרוֹיסְגֵיין פוּן דַיין מויל:
14 וָואס אִיז דֶען דֶער מֶענְשׁ אַז עֶר
זָאל זַיין רֵיין? אָדֶער ווִיא קֶען דֶער
וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן אֵיינֶע אִשָּׁה גֶע־
רֶעכְט זַיין?
15 זֶעה, עֶר גְלֵייבְּט אַפִּילוּ נִיט אִין
זַיינֶע הֵיילִיגֶע (מַלְאָכִים), אוּנְד דִיא
הִימֶעלְן זֶענֶען נִיט אַמָאל רֵיין אִין
זַיינֶע אוֹיגֶען;
16 מִכָּל שֶׁכֵּן דֶער פֶערְאוּמְוֶוערְדִיגֶער
אוּנְד אוּמְרֵיינֶער, דֶער מֶענְשׁ וָואס
טְרִינְקְט אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט אַזוֹי וִויא
וַואסֶער?
17 אִיךְ וֶועל דִיר וַוייזֶען, הֶער מִיר
צוּ, וָוארִין דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶע־
זֶעהֶען דָאס וֶועל אִיךְ דֶערְצֵיילֶען:
18 דָאס וָואס דִיא חֲכָמִים זָאגֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס נִיט פֶערְמִיטֶען
פוּן זֵיירֶע עֶלְטֶערְן:
19 אַז צוּ זֵייא אַלֵיין אִיז דָאס לַאנְד
גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען, אוּנְד קֵיין פְרֶעמְדֶער
אִיז נִיט צְוִוישֶׁען זֵייא דוּרְכְגֶענַאנְגֶען:
20 דֶער רָשָׁע וֶוערְט אַלֶע טָאג גֶע־
קְוֶועהְלְט, אוּנְד דִיא צָאל פוּן דִיא
יָאהְרֶען זֶענֶען בֶּעהַאלְטֶען פוּן דֶעם
שְׁטַארְקֶען:
21 אַ קוֹל פוּן פָארְכְט אִיז (אֵייבִּיג)
אִין זֵיירֶע אוֹירֶען, אַפִּילוּ וֶוען עֶר הָאט
שָׁלוֹם קוּמֶען אִיבֶּער אִיהְם רוֹיבֶּערְס:
22 עֶר גְלוֹיבְּט נִיט אַז עֶר וֶועט
צוּרִיקְקֶעהְרֶען פוּן דֶער פִינְסְטֶערְנִיס,
אוּנְד עֶר אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ דֶעם
שְׁוֶוערְד:
23 עֶר וַואנְדֶערְט אַרוּם נָאךְ בְּרוֹיט,
אוּנְד זָאגְט אַוְואוּ אִיז עֶס? עֶר וַוייס
אַז דֶער טָאג פוּן פִינְסְטֶערְנִיס אִיז
אָנְגֶעבְּרֵייט בַּייא זַיינֶע הַאנְד:
24 דִיא צָרָה אוּנְד עֶנְגְשַׁאפְט וֶועט
אִיהְם דֶערְשְׁרֶעקֶען, זֵייא וֶועלֶען אִיהְם
אַרוּמְרִינְגֶעלְן אַזוֹי וִויא אַ מֶלֶךְ אִיז
אָנְגֶעבְּרֵייט צוּם פֶערְבְּרֶענֶען:
25 וָוארִין עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט
זַיינֶע הַאנְד צוּ גָאט, אוּנְד הָאט זִיךְ
גֶעשְׁטַארְקְט קֶעגֶען דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען:
26 עֶר אִיז קֶעגֶען אִיהְם גֶעלָאפֶען
מִיט אַ (שְׁטָאלְצֶען) הַאלְז, מִיט דִיא
דִיקֶע זֵייטֶען פוּן זַיין פַּאנְצֶער:

27 וָוארִין עֶר הָאט זַיין פָּנִים בֶּעדֶעקְט מִיט זַיין פֶעט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיקֶעס פֶעט אוֹיף זַיינֶע פְלַאנְקֶען:

28 אוּנְד עֶר הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין פֶערְווִיסְטֶע שְׁטֶעט, אוּנְד אִין הֵייזֶער וָואס קֵיינֶער טְהוּט אִין זֵייא וְואוֹינֶען, אוּנְד וָואס זֶענֶען אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ שְׁטֵיינְהוֹיפֶען:

29 עֶר וֶועט נִיט רֵייךְ וֶוערֶען, אוּנְד זַיין פֶערְמֶעגֶען וֶועט קֵיין קִיוּם נִיט הָאבֶּען, אוּנְד עֶס זָאל אוֹיךְ נִיט פוּן זֵייעֶרֶע פוּלְהֵייט אוֹיסְגֶעבְּרֵייט וֶוערֶען אִין דֶעם לַאנְד:

30 עֶר זָאל נִיט אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען פוּן דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, דִיא פְלַאם זָאל פֶערְטְרִיקֶענֶען זַיינֶע צְווַיינֶען, אוּנְד דוּרְךְ דֶעם הוֹיךְ פוּן זַיין מוֹיל זָאל עֶר אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען:

31 לָאז דֶער וָואס אִיז פֶערְאִירְט נִיט גְלוֹיבֶּען אִין פַאלְשְׁקֵייט, וָוארִין פַאלְשְׁקֵייט וֶועט זַיינֶע בֶּעצָאלוּנְג זַיין:

32 עֶר וֶועט נִיט דֶערְפִילֶען זַיינֶע טֶעג, אוּנְד זַיינֶע צְווַייג וֶועט נִיט זַיין גְרִין:

33 עֶר וֶועט אָפְּשָׁאקֶעלְן זַיינֶע אוּמְצֵייטִיגֶע טְרוֹיבֶּען (פֵּירוֹת) אַזוֹי וִויא אַ ווַיינְשְׁטָאק, אוּנְד עֶר וֶועט אָפְּוַוארְפֶען זַיינֶע בְּלִיהוּנְג אַזוֹי וִויא דֶער אֵיילְבֶּערְטבּוֹים

34 וָוארִין דִיא עֵדָה פוּן דִיא הֵייכְלֶערִם זָאלֶען זַיין אָהְן קִינְדֶער, אוּנְד אַ פַייעֶר וֶועט פֶערבְּרֶענֶען דִיא גֶעצֶעלְטֶען פוּן דִיא וָואס נֶעמֶען שֹׁחַד:

35 זֵייא זֶענֶען טְרָאגֶעדִיג מִיט מִידִיגְקֵייט, אוּנְד גֶעווִינֶען אוּמְרֶעכְט, אוּנְד זַייעֶר בּוֹיךְ בֶּערֵייטֶעט אָן פַאלְשְׁקֵייט:

## קאפיטעל טז

1 אוּנְד אִיוֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט:

2 אִיךְ הָאב גֶעהֶערְט פִילֶע רֵייד אַזוֹי וִויא דִיא דָאזִיגֶע, אִיהְר זֶענְט אַלֶע מִידִיגֶע (אוּמְרֶעכְטֶע) טְרֵייסְטֶער:

3 אִיז דֶען דָא אֵיין עֶנְד צוּ ווִינְד־רֵייד? אָדֶער וָואס רֵייצְט עֶס דִיךְ אָן אַז דוּא עֶנְטְפֶערְסְט?

4 אִיךְ קֶען אוֹיךְ רֶעדֶען אַזוֹי וִויא אִיהְר, וֶוען אֵייעֶר נֶפֶשׁ וָואלְט גֶעוֶועזֶען אִין דֶער שְׁטֶעל פוּן מֵיין נֶפֶשׁ, אַזוֹי וָואלְט אִיךְ אוֹיךְ גֶעקֶענְט וֶוערְטֶער אִיבֶּער אֵייךְ רֶעדֶען, אוּנְד אִיבֶּער אֵייךְ מִיט מֵיין קָאפּ שָׁאקֶעלְן:

5 אִיךְ וָואלְט אֵייךְ גֶעשְׁטַארְקְט מִיט מֵיין מוֹיל, אוּנְד דָאס קְלָאגֶען פוּן מֵיינֶע לִיפֶּען וָואלְט מִיךְ גֶעשְׁטִילְט:

6 חָאטְשֶׁע אִיךְ רֶעד, דָאךְ וֶוערְט מֵיין שְׁמֶערְץ נִיט גֶעשְׁטִילְט, אוּנְד וֶוען אִיךְ וֶועל פֶערְמֵיידֶען, וָואס גֵייט פוּן פַאר מִיר?

7 אָבֶּער אַצוּנְד הָאט עֶר מִיךְ מִיד גֶעמַאכְט, דוּא הָאסְט ווִיסְט גֶעמַאכְט מֵיינֶע גַאנְצֶע אֵיינְזַאמְלוּנְג:

8 אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ אֵיינְגֶעשְׁרוּמְפֶּען (אָדֶער פֶערְוֶועלְקְט), דָאס עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַן עֵדוּת קֶעגֶען מִיר, אוּנְד מֵיינֶע מָאגֶערְקֵייט אִיז קֶעגֶען מִיר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט קֶעגֶען מֵיין פָּנִים עֵדוּת גֶעזָאגְט:

9 זַיין צָארְן הָאט מִיךְ צוּרִיסֶען, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ פֵיינְד גֶעהַאט, עֶר הָאט אוֹיף מִיר גֶעקְרִיצְט מִיט דִיא צֵיין, מֵיין פֵיינְד שַׁארְפְט זַיינֶע אוֹיגֶען קֶעגֶען מִיר:

10 זֵייא הָאבֶּען קֶעגֶען מִיר אוֹיפְ־

גֶעשְׁפַּארְט זַייעֶר מויל, מִיט חֶרְפָּה הָאבֶּען
זַייא מִיךְ אויף דִיא בַּאק גֶעשְׁלָאגֶען,
זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע מִיט אֵיינַאנְדֶער
קֶעגֶען מִיר פֶערְזַאמֶעלְט:
11 גָאט הָאט מִיךְ אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט
צוּ דִיא אוּמְגֶערֶעכְטֶע, אוּנְד עֶר הָאט
מִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הֶענְד
פוּן דִיא רְשָׁעִים:
12 אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען בְּשַׁלְוָה אָבֶּער
עֶר הָאט מִיךְ צוּבְּרֶעקֶעלְט, עֶר הָאט
מִיךְ אָנְגֶענוּמֶען בַּייא מֵיין נַאקֶען אוּנְד
עֶר הָאט מִיךְ אויף שְׁטִיקְלֶעךְ צוּבְּרָאכֶען,
אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אויפְגֶעשְׁטֶעלְט צוּ
אַ צִיל פַאר זַיינֶע פַייִלֶען:
13 זַיינֶע שִׁיסֶערְס הָאבֶּען מִיךְ אַרוּמְ־
גֶערִינְגֶעלְט, אוּנְד צוּשְׁפָּאלְטֶען מֵיינֶע
נִירֶען, אוּנְד זַייא דֶערְבַּארְמֶען זִיךְ נִיט,
זַייא פֶערְגִיסֶען מֵיינֶע גַאל אויף דֶער
עֶרְד:
14 עֶר צוּבְּרֶעכְט מִיךְ מִיט אֵיין בְּרָאךְ
אִיבֶּער דֶעם אַנְדֶערְן, עֶר לויפְט קֶעגֶען
מִיר אַזוֹי וִויא אֵיין גִבּוֹר:
15 אִיךְ הָאבּ גֶענֵייט אַ זַאק אִיבֶּער
מֵיינֶע דַארֶע הויט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
אֵיינְגֶעגְרִיבְט מֵיין הָארְן אִין דִיא אַשׁ:
16 מֵיין פָּנִים אִיז פֶערְעֶלְטֶערְט גֶע־
וָוארֶען פוּן וֵויינֶען, אוּנְד אויף מֵיינֶע
אויגֶען־בְּרֶעמֶען אִיז דֶער שָׁאטֶען פוּן
דֶעם טוֹיט:
17 הָאטְשֶׁע עֶס אִיז קֵיין אוּמְרֶעכְט
נִיט גֶעוֶועזֶען אִין מֵיינֶע הֶענְד, אוּנְד
מֵיין גֶעבֶּעט אִיז אויךְ רֵיין גֶעוֶועזֶען:
18 אוֹי דוּא עֶרְד, דוּא זָאלְסְט נִיט
צוּדֶעקֶען מֵיין בְּלוּט! אוּנְד לָאז נִיט
זַיין קֵיין אָרְט פַאר מֵיין גֶעשְׁרֵייא!
19 אוּנְד אַפִּילוּ אַצוּנְד, זֶעה, מֵיין
עֵדוּת אִיז אִין דֶעם הִימֶעל, אוּנְד מֵיין
מֵלִיץ אִיז אויךְ אִין דֶער הֵייךְ:
20 מֵיינֶע פְרֵיינְד זֶענֶען מֵיינֶע שְׁפֶּעט־
טֶערְס, אָבֶּער צוּ גָאט טְרִיפֶען מֵיינֶע
אויגֶען (מִיט טְרֶערֶען):
21 הַלְוַאי וָואלְט אַ מֶענְשׁ גֶעקֶענְט אַ
יִכּוּחַ הָאבֶּען מִיט גָאט, אַזוֹי וִויא אֵיין
מֶענְשׁ מִיט דֶעם אַנְדֶערְן!
22 וָוארִין וֶוען נָאךְ וֵוייניגֶע יָאהְרֶע
וֶועלֶען קוּמֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אַוֶועקְגֵיין
אִין דֶעם וֶועג פוּן וֶועלְכֶען אִיךְ וֶועל
נִיט מֶעהְר צוּרִיקְקוּמֶען:

## קאפיטעל יז

1 מֵיין גֵייסְט אִיז פֶערְדָארְבֶּען, אוּנְד
מֵיינֶע טֶעג זֶענֶען אויסְגֶעמֶעקְט, דִיא
קְבָרִים זֶענֶען פַאר מִיר צוּגֶעבְּרֵייט:
2 זֶענֶען דֶען נִיט מִיט מִיר שְׁפֶּעטֶערְס?
אוּנְד בְּלֵייבְּט נִיט מֵיין אויג אִיבֶּערְ־
גֶעכְטִיגֶען אִין זַיינֶע ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגְ־
קֵייט?
3 לֵייג דָאךְ אֵיין מֵיין עָרוּב בֵּייא
דִיר, וֶוער דֶען זָאל מִיר גֶעבֶּען תְּקִיעַת
כַּף?
4 וָוארִין דוּא הָאסְט זֵייעֶר הַארְץ
בֶּעהַאלְטֶען פוּן שֵׂכֶל, דַארוּם וֶועסְט
דוּא זַייא נִיט דֶערְהֵייכֶען:
5 דֶער וָואס רֶעט חֲנִיפָה צוּ זַיינֶע
פְרֵיינְד, אַפִּילוּ דִיא אויגֶען פוּן זַיינֶע
קִינְדֶער וֶועלֶען פֶערְלֶענְט וֶוערֶען:
6 עֶר הָאט מִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פַאר אַ
מָשָׁל צוּ דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד פְרִיהֶער
בִּין אִיךְ גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא אַ פּויק:
7 מֵיינֶע אויגֶען זֶענֶען טוּנְקֶעל גֶעוָוא־
רֶען פוּן וֶועגֶען דֶעם כַּעַס, אוּנְד אַלֶע
מֵיינֶע גְלִידֶער זֶענֶען אַזוֹי וִויא אַ
שָׁאטֶען:
8 דִיא רֶעכְטְפַארְטִיגֶע וֶועלֶען זִיךְ
פֶערְוָואוּנְדֶערְן אִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען,

אָבֶּער דֶער אוּמְשׁוּלְדִיגֶער וֶועט זִיךְ
אַלַיין דֶערְוֶועקֶען קֶעגֶען דֶעם הֵייכְלֶער׃
9 דֶער צַדִיק וֶועט אוֹיךְ אָנְהַאלְטֶען
אָן זַיין וֶועג, אוּנְד דֶער וָואס הָאט
רֵיינֶע הֶענְד זָאל זִיךְ פֶערְמֶעהְרֶען
שְׁטַארְקְהַייט׃
10 אָבֶּער אִיהְר אַלֶע זָאלְט אוּמְ־
קֶעהְרֶען, אוּנְד קוּמְט דָאךְ, וָוארִין אִיךְ
קֶען נִיט צְווִישֶׁען אֵייךְ גֶעפִינֶען אַ
חָכָם׃
11 מֵיינֶע טֶעג זֶענֶען פֶערְבֵּייא גֶע־
נַאנְגֶען, מֵיינֶע גוּטֶע מַחְשָׁבוֹת זֶענֶען
אַוֶועקְגֶערִיקְט גֶעוָוארֶען, אַפִּילוּ דִיא
יְרוּשָׁה פוּן מֵיין הַארְץ׃
12 זֵייא מַאכֶען מִיר דִיא נַאכְט צוּ
טָאג, דָאס לִיכְט אִיז נָאהֶענְט פוּן
וֶועגֶען דֶער פִינְסְטֶערְנִיס׃
13 וֶוען אִיךְ הָאף, אַזוֹי אִיז דֶער
שְׁאוֹל מֵיין הוֹיז, אִיךְ הָאבּ מֵיין גֶעלֶע־
גֶער גֶעבֶּעט אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס׃
14 צוּ דֶער גְרוּבּ רוּף אִיךְ, דוּא בִּיזְט
מֵיין פָאטֶער, אוּנְד צוּ דִיא וֶוערְם מֵיינֶע
מוּטֶער אוּנְד מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער׃
15 אוּנְד אַוְואוּ אִיז מֵיינֶע הָאפֶענוּנְג?
וָואס אָנְבֶּעלַאנְגְט מֵיינֶע הָאפֶענוּנְג
וֶוער וֶועט עֶס אָנְקוּקֶען?
16 זִיא וֶועט אַרוּפְנִידֶערְן צוּ דִיא
רִיגֶעלְן פוּן דֶעם שְׁאוֹל, וֶוען זֵייא וֶועלֶען
צוּזַאמֶען רוּהֶען אִין דֶעם שְׁטוֹיבּ׃

קאפיטעל יח

1 אוּנְד בִּלְדַד הַשּׁוּחִי הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד גֶעזָאגְט׃
2 בִּיז וִויא לַאנְג וֶועט עֶס זַיין אֵיידֶער
אִיהְר וֶועט מַאכֶען אַיין עֶנְד פוּן אֵיירֶע
רֵייד? וֶוערְט עֶרְשְׁט פֶערְשְׁטֶענְדִיג,
אוּנְד לָאמִיר דֶערְנָאךְ רֶעדֶען׃
3 פַארְוָואס זֶענֶען מִיר גֶערֶעכֶענְט
גְלַייךְ וִויא אַ בְּהֵמָה, אוּנְד אִין אֵיירֶע
אוֹיגֶען וִויא אוּמְרַיין?
4 עֶר צוּרֵייסְט זַיין נֶפֶשׁ אִין זַיין
צָארְן, זָאל דֶען אוּם דֵיינֶעטְוֶועגֶען דָאס
לַאנְד פֶערְלָאזֶען וֶוערֶען? אוּנְד זָאל
דֶער פֶעלְז אַוֶועקְגֶערִיסֶען וֶוערֶען פוּן
זַיין אָרְט?
5 יוֹא, אַפִּילוּ דָאס לִיכְט פוּן דִיא
רְשָׁעִים וֶועט אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען וֶוערֶען,
אוּנְד קַיין פוּנְק פוּן זַיין פַייעֶר זָאל
נִיט לַייכְטֶען׃
6 דָאס לִיכְט וֶועט פִינְסְטֶער וֶוערֶען
אִין זַיין גֶעצֶעלְט, אוּנְד זַיינֶע לַאמְפּ
וֶועט מִיט אִיהְם אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען וֶוערֶען׃
7 דִיא טְרִיט פוּן זַיין כֹּחַ וֶועלֶען עֶנְג
וֶוערֶען, אוּנְד זַיינֶע אֵייגֶענֶע עֵצָה וֶועט
אִיהְם פֶערְוַוארְפֶען׃
8 וָוארִין עֶר וֶוערְט גֶעשִׁיקְט מִיט
זַיינֶע אֵייגֶענֶע פִיס אִין דֶעם נֶעץ,
אוּנְד אוֹיף דֶעם שְׁטְרוֹיכֶעל־נֶעץ טְהוּט
עֶר גֵיין׃
9 דָאס נֶעץ חַאפְּט אִיהְם אָן בֵּייא
דֶעם טְרִיט, אוּנְד דִיא רוֹיבֶּערְס וֶועלֶען
זִיךְ קֶעגֶען אִיהְם שְׁטַארְקֶען׃
10 זַיינֶע שְׁטְרִיק־(נֶעץ) זֶענֶען בֶּע־
הַאלְטֶען אִין דֶער עֶרְד, אוּנְד זַיינֶע
בֶּעצְווִינְגֶענִיס אוֹיף דֶעם שְׁטֶעג׃
11 צִיטֶערְנִיס וֶועלֶען אִיהְם אַרוּם
אוּנְד אַרוּם דֶערשְׁרֶעקֶען, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען אִיהְם צוּשְׁפְּרֵייטֶען צוּ זַיינֶע
פִיס׃
12 זַיינֶע מַאכְט (אָדֶער זוּהְן) וֶועט
פֶערְהוּנְגֶערְט וֶוערֶען, אוּנְד אַ פֶערְ־
ווּיסְטוּנְג אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט בֵּייא זַיינֶע
זַייט׃
13 עֶס וֶועט אוֹיפְעֶסֶען דִיא שְׁטַאנְגֶען
פוּן זַיינֶע הוֹיט, אַפִּילוּ זַיינֶע אִיבֶּערְ־

גֶעבְּלִיבֶּענֶע וֶועט דֶער בְּכוֹר פוּן דֶעם
טוֹיט אוֹיפְעֶסֶען :
14 זַיינֶע פֶערְזִיכֶערוּנְג וֶועט אוֹיסְ־
גֶערִיסֶען וֶוערֶען פוּן זַיין גֶעצֶעלְט, אוּנְד
מֶען וֶועט אִיהְם אַהִינְשִׁיקֶען צוּ דֶעם
מֶלֶךְ פוּן שְׁרֶעקֶען (מַלְאַךְ הַמָּוֶת) :
15 עֶר וֶועט וְואוֹינֶען אִין זַיין גֶעצֶעלְט,
חָאטְשֶׁע עֶר גֶעהֶערְט נִיט צוּ אִיהְם,
אוּנְד אִיבֶּער זַיינֶע וְואוֹינוּנְג וֶועט
שְׁוֶועבֶל אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט וֶוערֶען :
16 זַיינֶע וְואוּרְצֶעלְן וֶועלֶען פוּן אוּנְטֶען
פֶערְדַארְט וֶוערֶען, אוּנְד פוּן אוֹיבֶּען
וֶועלֶען זַיינֶע צְוֵויינֶען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען
וֶוערֶען :
17 זַיין גֶערֶעכְטֶענִים וֶועט פוּן דֶער
עֶרְד פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען, אוּנְד עֶר וֶועט
קֵיין שֵׁם הָאבֶּען אוֹיף דֶער גַאס :
18 עֶר וֶועט פֶערטְרִיבֶּען וֶוערֶען פוּן
דֶעם לִיכְט צוּ דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד
פוּן דֶער וֶועלְט וֶועט מֶען אִיהְם פֶערְ־
שְׁטוֹיסֶען :
19 עֶס וֶועט אִיהְם נִיט בְּלֵייבֶּען קֵיין
זוּהְן אוּנְד קֵיין אֵיינִיקֶעל צְוִוישֶׁען זַיין
פָאלְק, אוּנְד קֵיינֶע אִיבֶּערבְּלֵייבּוּנְג אִין
זַיינֶע וְואוֹינוּנְגֶען :
20 דִיא וָואס וֶועלֶען נָאךְ אִיהְם
קוּמֶען וֶועלֶען זִיךְ וְואוּנְדֶערְן אִיבֶּער
זַיין טָאג, אוּנְד דִיא וָואס וָוענֶען פַאר
אִיהְם גֶעוֶועזֶען גֶעמְט אָן אַ שְׁטָארֶעם :
21 יוֹא, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא וְואוֹי־
נוּנְגֶען פוּן דִיא אוּמְרֶעכְטֶע, אוּנְד דָאס
אִיז דֶער אָרְט פוּן דֶעם וָואס קֶען נִיט
גָאט :

## קאפיטעל יט

1 אוּנְד אִיוֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד
גֶעזָאגְט :
2 בִּיז וִויא לַאנְג נָאךְ וֶועט אִיהְר מֵיין
לֵייבּ טְרוֹירִיג מַאכֶען, אוּנְד מִיךְ צוּ־
שְׁטוֹיסֶען מִיט וֶוערְטֶער ?
3 שׁוֹין דִיא דָאזִיגֶע צֶעהְן מָאל הָאט
אִיהְר מִיךְ פֶערְשֶׁעהְמְט גֶעמַאכְט, אִיהְר
שֶׁעהְמְט אֵייךְ נִיט דָאס אִיהְר מַאכְט
אֵייךְ פְרֶעמְד צוּ מִיר :
4 אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיךְ טַאקֶע
גֶעאִירְט, אַזוֹי בְּלֵייבְּט דָאךְ בֵּייא מִיר
אַלֵיין דֶער אִירְטוּם :
5 אוּנְד אוֹיבּ אִיהְר ווִילְט אֵייךְ אִיבֶּער
מִיר גְרוֹיס מַאכֶען, אוּנְד אִיהְר ווִילְט
מִיךְ שְׁטְרָאפֶען, וֶוענֶען מֵיינֶע זִינְד :
6 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר ווִיסֶען אַז גָאט
הָאט מִיךְ פֶערקְרִימְט, אוּנְד עֶר הָאט
מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט מִיט זַיין
גֶעץ :
7 זֶעהְט, אִיךְ שְׁרֵייא וֶועגֶען דֶער
רוֹיבֶּערֵייא אָבֶּער קֵיינֶער עֶנְטְפֶערְט
מִיר, אִיךְ שְׁרֵייא אוֹיס אָבֶּער עֶס אִיז
נִיט דָא קֵיין מִשְׁפָּט :
8 מֵיין וֶועג אִיז פֶערְצוֹימְט דָאס אִיךְ
קֶען נִיט אַרִיבֶּערְגֵיין, אוּנְד אוֹיף מֵיינֶע
שְׁטֶעגֶען הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַ פִינְסְ־
טֶערְנִיס :
9 מֵיין כָּבוֹד הָאט עֶר פוּן מִיר אָפְּ־
גֶעצוֹיגֶען, אוּנְד מֵיינֶע קְרוֹין הָאט עֶר
אָפְּגֶעטְהוּן פוּן מֵיין קָאפּ :
10 עֶר הָאט מִיךְ צוּשְׁטוֹיסֶען אַרוּם
אוּנְד אַרוּם, אוּנְד אִיךְ בִּין אַוֶועקְגֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד מֵיינֶע הָאפֶענוּנְג הָאט
עֶר אַוֶועקְגֶעטְהוּן אַזוֹי ווִיא אַ בּוֹים :
11 אוּנְד זַיין צָארְן הָאט קֶעגֶען מִיר
דֶערגְרִימְט, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ
גֶערֶעכֶענְט אַזוֹי ווִיא זַיין פֵיינְד :
12 זַיינֶע חַיָילוֹת זֶענֶען מִיט אֵיינַאנְדֶער
גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיף מִיר
דֶערְהוֹיבֶּען זֵייעֶר וֶועג, אוּנְד זֵייא

האבען זיך געלאגערט אום מיין
געצעלט ארום :
13 ער האט אפילו מיינע ברידער
פון מיר דערווייטערט, אויך מיינע
בעקאנטע זענען פון מיר פרעמד
געווארען :
14 מיינע קרובים האבען זיך פון מיר
פערמיטען, אונד מיינע פריינדע האבען
מיך פערגעסען :
15 דיא וואס וואוינען אין מיין הויז,
אונד אפילו מיינע דינסטמיידען רע־
כענען מיך פאר א פרעמדען, איך בין
געווארען אין זייערע אויגען גלייך וויא
א פרעמדער :
16 איך רוף צו מיין קנעכט אבער
ער ענטפערט מיר ניט, איך מוז
איהם בעטען מיט מיין מויל :
17 מיין אטעם איז פרעמד געווארען
צו מיין ווייב, אונד איך מוז בעטען
צו דיא קינדער פון מיין בויך :
18 אפילו קליינע קינדער פעראכטען
מיך, איך בין אויפגעשטאנען, אונד
זייא רעדען קעגען מיר :
19 אלע לייט פון מיין סוד האבען
מיך פעראומווירדיגט, אונד דיא וואס
איך האב ליב געהאט האבען זיך
קעגען מיר אומגעקעהרט :
20 מיינע ביינער האבען זיך בעהעפט
אן מיינע הויט אונד אן מיין פלייש,
אונד איך בין ענטרונען געווארען מיט
דיא הויט פון מיינע ציין :
21 דערבארמט אייך ! דערבארמט
אייך איבער מיר, ווארין איהר זענט
דאך מיינע פריינד ! ווארין דיא האנד
פון גאט האט מיך אנגעריהרט :
22 פארוואס זאלט איהר מיך נאכ־
יאגען אזוי וויא גאט, אונד איהר זענט
דאך ניט זאט פון מיין פלייש ?
32 הלואי וואלטען מיינע ווערטער
אנגעשריבען געוועזען ! הלואי וואלטען
זייא אויסגעקריצט געוועזען אין איין ספר!
24 אוי דאס זייא ווערען אויסגעקריצט
מיט אייזען אונד א בליישטיפט אויף
אייביג אין א פעלזען־שטיין !
25 אבער איך וויים דאס מיין גואל
לעבט, אונד דאס ער וועט אין דיא
לעצטע טעג שטיין אויף דער ערד :
26 אונד חאטשע דיא ווערם וועלען
נאכדעם מיינע הויט (אונד גוף)
פערדארבען, דאך וועל איך אין מיין
פלייש גאט זעהען :
27 וועמען איך וועל אליין זעהען ;
אונד מיינע אייגענע אויגען וועלען
איהם זעהען אונד ניט קיין פרעמדער,
חאטשע מיינע נירען וועלען פערלענגט
ווערען אין מיין שוים :
28 אבער איהר זאלט זאגען, פארוואס
יאגען מיר איהם נאך, ווען דער שורש
פון דער זאך געפינט זיך אין מיר ?
29 פארכט אייך פאר דעם שווערט,
ווארין דער צארן ברענגט א שווערט
וועגען דיא זינד, כדי איהר זאלט
וויסען אז עס איז דא א דין אויף דער
וועלט :

## קאפיטעל כ

1 אונד צופר הנעמתי האט געענט־
פערט, אונד געזאגט :
2 דארום מאכען מיך מיינע געדאנקען
ענטפערן, אונד וועגען דעם אייל איך
מיך אין מיר אליין :
3 איך האב געהערט דיא שטראף
פון מיינע שאנד, אונד דער גייסט פון
מיינע פערשטענדיגקייט מאך מיך
ענטפערן :

4 ווייסט דוא דען ניט אז דאס
דאזיגע איז פון אייביג אן, פון דער
צייט ווען דער מענש איז אויף דער
ערד געשטעלט געוואָרען:
5 וואָרין דער געזאַנג פון די רשעים
איז פון דער נאָהענט, אונד די
פרייד פון דעם הייכלער געדויערט
נאָר אויף איין אויגענבליק?
6 חאָטשע זיינע הויכקייט גרייכט
אַרויף ביז צו דעם הימעל, אונד זיין
קאָפּ גרייכט ביז צו דעם וואָלקען:
7 דאָך וועט ער אויף אייביג פער־
לוירען ווערען אַזוי וויא זיין אייגען
מיסט, אונד די וואָס האָבען איהם
געזעהען וועלען זאָגען, אַוואו איז
ער?
8 ער וועט אַוועקפליהען אַזוי וויא אַ
חלום, אונד ער וועט ניט מעהר
געפונען ווערען, אונד ער וועט פער־
חאגעלט ווערען אַזוי וויא אַ זעהונג (אַ
חלום) אין דער נאַכט:
9 דאס אויג וואס האט איהם געזעהען
וועט איהם ניט מעהר זעהען, אונד
זיין אָרט וועט איהם אויך ניט מעהר
זעהען:
10 זיינע קינדער וועלען אפילו זוכען
די אָרעמע לייט וואוילצוגעפאַלען,
אונד זיינע הענד וועט ער צוריקגעבען
זיין פערמעגען:
11 חאָטשע זיינע ביינער זענען פול
מיט יונגענד־קראַפט, וועלען זייא זיך
דאָך מיט איהם אין דעם שטויב
ליגען:
12 חאָטשע דאס בייזע איז זיס אין
זיין מויל, אונד ער בעהאַלט עס אונ־
טער זיינע צונג:
13 ער דערבאַרמט זיך דאַריבער
אונד פערלאָזט עס ניט, גייערט ער
האַלט עס נאָך אין זיין גוימען:
14 אַזוי ווערט דאָך זיינע שפּייז
אומגעקעהרט אין זיינע געדערם, אונד
עס איז ביטער וויא גיפט אין איהם:
15 ער האט רייכטום איינגעשלונגען,
אָבער ער וועט עס אויסשפּייען, גאָט
וועט עס אַרויסטרייבען אויס זיין
בויך:
16 ער וועט זייגען דאס גיפט פון
שלאַנגען, אונד די צונג פון דער
שלאַנג וועט איהם הרג'נען:
17 ער וועט ניט זעהען די פליי־
צענדיגע טייכען, די טייכען פון האָניג
אונד פוטער:
18 ער וועט צוריקגעבען דאס פאַר
וואס ער האט זיך בעמיהט, אונד ער
וועט עס ניט פערשלינגען, נאָך זיין
פערמעגען וועט ער עס מוזען צוריק־
געבען, אונד ער וועט זיך ניט פרייען:
19 ווייל ער האט צושטויסען אונד
פערלאָזען די אָרעמע, ער האט גע־
גזלה׳ט אַ הויז וואָס ער האט ניט גע־
בויעט:
20 ווייל ער ווייס ניט פון קיין שלוה
אין זיין בויך, ער וועט ניט ענטרינען
מאַכען פון דעם וואָס ער גלוסט:
21 עס וועט גאָרניט איבערבלייבען
פון זיין עסען, דאַרום וועט קיינער
ניט דערוואַרטען זיין גוטעס:
22 אַפילו אין זיינער פולהייט אונד
צופרידענהייט וועט איהם ענג זיין,
אונד איטליכע מידע האַנד וועט איבער
איהם קומען:
23 עס וועט זיין, ווען ער וועט וועלען
זיין בויך פילען אַזוי וועט (גאָט) איבער
איהם שיקען זיין שטאַרקען גרימצאָרן,

אוּנד עֶר װעט אִיבֶּער אִיהם לָאזֶען רֶעגְנֶען װייל עֶר טְהוּט נָאךְ עֶסֶען ׃

24 װֶען עֶר װעט אַנְטְלױפֶען פוּן דִיא אײַזֶערְנֶע װַאפֶען, אַזױ װעט אִיהם דוּרְכשְׁלָאגֶען דֶער קוּפֶּערְנֶער בּױגֶען ׃

25 עֶר װעט עֶס אױסְצִיהֶען אוּנד עֶס װעט אַרױסְגֵיין פוּן זֵיין קֶערְפֶּער, יוֹא דָאס גְלַאנְצִיגֶע שְׁװֶערְט װעט דוּרְכגֵיין דוּרְךְ זֵיינֶע גַאל, אוּנד אַ שְׁרֶעק װעט אִיבֶּער אִיהם זֵיין ׃

26 אַלֶערְלֵייא פִינְסְטֶערְנִיס װערְט בֶּעהַאלְטֶען אִין זֵיינֶע בֶּעהַאלְטֶענִיס, אַ פֵייעֶר װָאס װֶערְט נִיט גֶעבְּלָאזֶען װעט אִיהם פֶערְבְּרֶענֶען, עֶס װעט שְׁלֶעכְט זֵיין פַאר דֶעם װָאס װעט אִיבֶּער־בְּלֵייבֶּען אִין זֵיין גֶעצֶעלְט ׃

27 דִיא הִימֶעלְן טְהוּן עַנְטפְּלֶעקֶען זֵיינֶע זִינְד, אוּנְד דִיא עֶרְד שְׁטֵייט אוֹיף קֶעגֶען אִיהם ׃

28 דָאס אֵיינְקוּמֶען פוּן זֵיין הויז װעט פֶערְטְרִיבֶּען װֶערֶען, אוּנְד זֵיין פֶערְמֶעגֶען װעט צוּרִינֶען אִין דֶעם טָאג פוּן זֵיין צָארְן ׃

29 דָאס אִיז דָאס חֵלֶק פוּן גָאט פַאר דֶעם מֶענְשׁ װָאס אִיז אַ רָשָׁע, אוּנְד דִיא נַחֲלָה װָאס אִיז זֵיינֶע צוּזָאג פוּן גָאט ׃

## קאפיטעל כא

1 אוּנְד אִיוֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד גֶעזָאגְט ׃

2 הֶערְט גוּט צוּ מֵיינֶע רֵייד, אוּנְד לָאז דָאס דָאזִיגֶע זֵיין אֵייעֶר טְרױסְט ׃

3 דֶערְטְרָאגְט מִיר אוּנְד אִיךְ װֶעל רֶעדֶען, אוּנְד נָאכְדֶעם װֶען אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט קֶענְט אִיהְר שְׁפֶּעטֶען ׃

4 טְהוּא אִיךְ מִיךְ דֶען בֶּעקְלָאגֶען צוּ אַ מֶענְשׁ ? אוּנְד װֶען עֶס װָאלְט שׁוין אַזױ גֶעװֶעזֶען פַארְװָאס זָאל אִיךְ נִיט אוּנְגֶעדוּלְדִיג װֶערֶען ?

5 קֶעהְרְט אֵייךְ צוּ מִיר אַזױ װעט אִיהְר אֵייךְ פֶערְװאוּנְדֶערְן, אוּנְד לֵייגְט דִיא הַאנְד אוֹיף אֵייעֶר מױל ׃

6 אַפִילוּ װֶען אִיךְ דֶערְמַאן מִיךְ, אַזױ װֶער אִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען, אוּנְד אַ צִיטֶערְנִיס הָאפְּט אָן מֵיין פְלֵייש ׃

7 פַארְװָאס לֶעבֶּען דִיא רְשָׁעִים, זֵייא װֶערֶען אַלְט, זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ שְׁטַארְקֶע מַאכְט ׃

8 זֵיירֶע קִינְדֶער זֶענֶען מִיט זֵייא אָנְגֶעבְּרֵייט, אוּנְד זֵיירֶע קִינְדֶערְס קִינְדֶער זֶענֶען פַאר זֵיירֶע אוֹיגֶען ׃

9 זֵיירֶע הֵייזֶער זֶענֶען בְּשָׁלוֹם אָהְן פָארְכְט, אוּנְד דִיא רוּט פוּן גָאט אִיז אוֹיךְ נִיט אוֹיף זֵייא ׃

10 זֵיין אָקְס מַאכְט טְרָאגֶעדִיג, אוּנְד פֶערְװַארְפְט נִיט, זֵיינֶע קִיה קַאלְבֶּען אוּנְד פֶערְװַארְפֶען נִיט (אִיז נִיט מַפִּיל) ׃

11 זֵייא שִׁיקֶען אַװֶעק זֵיירֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער אַזױ װִיא שָׁאף, אוּנְד זֵיירֶע יוּנְגֶע קִינְדֶער טַאנְצֶען ׃

12 זֵייא הֵייבֶּען אוֹיף דִיא פּוֹיק אוּנְד הַארְף, אוּנְד זֵייא פְרֵייעֶן זִיךְ מִיט דֶעם קוֹל פוּן דִיא אָרְגֶעל ׃

13 זֵייא פֶערְלֶעבֶּען זֵיירֶע טֶעג אִין גוּטֶעס, אָבֶּער אִין אֵיינֶע רֶגַע גֵייעֶן זֵייא אַרוּפ אִין דֶעם שְׁאוֹל ׃

14 אוּנְד דָאךְ זָאגֶען זֵייא צוּ גָאט, קֶעהְר אָפּ פוּן אוּנְס, װָארִין מִיר פֶערְלַאנְגֶען נִיט צוּ װִיסֶען דֵיינֶע װֶעגֶען ׃

15 װָער אִיז דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער, אַז מִיר זָאלֶען אִיהם דִינֶען ? אוּנְד װָאס װעט אוּנְס הֶעלְפֶען װֶען מִיר װֶעלֶען צוּ אִיהם בֶּעטֶען ?

16 זעה, עס איז קיין גוטעס אין זייערע הענד, די עצות פון די רשעים זענען ווייט פון מיר:
17 וויא פיל מאל ווערט דאס ליכט פון די רשעים אויסגעלאשען? אונד וויא אפט קומט איבער זייא א בראך? ער (גאט) טיילט צו זייא אוים שמערצען אין זיין צארן:
18 זייא װעלען זיין אזוי וויא שטרוי פאר דעם ווינד, אונד וויא פלאַווע וואס דער שטורמווינד גנב'ט אַוועק:
19 גאט וועט פאר זיינע (דעם רשע'ס) קינדער בעהאלטען די שטראף, ער וועט איהם בעצאלען אונד ער וועט עס אויך וויסען:
20 זיינע אויגען וועלען זעהען זיין בראך, אונד ער וועט טרינקען פון דעם גרימצארן פון דעם אלמעכטיגען:
21 ווארין וואס איז זיינע לוסט אין זיין הויז נאך איהם, ווען די צאל פון זיינע חדשים זענען אפגעשניטען (אין דער מיטען)?
22 זאל איינער גאט לערנען וויסענשאפט? ווארין ער טהוט אויך די הויכע משפט'ן:
23 דער דאזיגער שטארבט אין זיינע גאנצע שטארקהייט, גאנץ אהן א זארג אונד בשלום:
24 זיינע מילך־פעסער זענען פול מיט מילך, אונד דער מארך פון זיינע ביינער איז פעט:
25 אונד איין אנדערער שטארבט מיט א ביטער נפש, אונד ער האט קיינמאל קיין גוטעס געגעסען:
26 אבער זייא ליגען צוזאמען אין דעם שטויב, אונד די ווערם וועלען זייא בעדעקען:
27 זעהט, איך ווייס אייערע געדאנקען, אונד די בייזע מחשבות מיט וואס איהר ווילט מיך אונטערדריקען:
28 ווארין איהר זאגט, וואו איז דאס הויז פון דעם נדיב (פירשט), אונד וואו איז דאס געצעלט אונד וואוינונג פון די רשעים:
29 האט איהר ניט נאכגעפרעגט פון די וואס גייען איבער דעם וועג? אונד דערקענט איהר ניט זייערע צייכענס?
30 אז דער שלעכטער מענש איז אנגעבראכט פאר דעם טאג פון דעם בראך? אונד זייא ווערען געבראכט צו דעם טאג פון דעם גרימצארן:
31 ווער זאל איהם אנזאגען זיין וועג פאר זיין פנים? אונד ווער זאל איהם בעצאלען פאר דעם וואס ער האט געטהון?
32 אבער ער וועט געבראכט ווערען צו דעם קבר, אונד בייא איין שייער וועט ער וואכען:
33 די שטיקער ערד וועלען זיין זים צו איהם, אונד איטליכער מענש וועט זיך נאך איהם ציהען, אונד צו די וואס זענען געוועזען פאר איהם איז ניט דא קיינע צאל:
34 אבער וויא אזוי טהוט איהר מיך טרייסטען מיט נארישקייט, אונד אין אייערע ענטפער איז פאלשקייט:

קאפיטעל כב

1 אונד אליפז התימני האט געענטפערט, אונד געזאגט:
2 קען דען א מענש ניצליך זיין צו גאט, אזוי וויא איינער וואס איז קלוג איז צו זיך אליין ניצליך?



האט

3 האט דען דער אלמעכטיגער א
לוסט אז דו ביזט גערעכט ? אדער
האט ער א געווין ווען דו מאכסט
דיינע וועגען גאנץ פאלקומען ?
4 וועט ער דען מיט דיר א ויכוח
האבען ווייל ער האט מורא פאר
דיר ? זאל ער מיט דיר קומען אין
דעם משפט ?
5 איז דען ניט דיינע שלעכטיגקייט
גרויס ? אונד עס איז ניט דא קיין
סוף צו דיינע זינד :
6 וואָרין דו האסט גענומען א
משכון פון דיין ברודער בחנם, אונד
דו האסט אפגעצויגען די קליידער
פון די נאקעטע :
7 דעם מידען האסט דו ניט אנגע-
טרונקען מיט וואסער, אונד פון דעם
הונגעריגען האסט דו פערמיטען דאס
ברויט :
8 אבער צו א שטארקען מענש
געהערט דאס לאנד, אונד איין
אנגעזעהענער מענש וואוינט דארין :
9 די אלמנות האסט דו ליידיג
אוועקגעשיקט, אונד די ארעמעס פון
די יתומים האסט דו צושטויסען :
10 דאריבער האבען דיך געצען
ארומגערינגעלט, אונד א פלוצלונגע
פארכט דערשרעקט דיך :
11 אדער די פינסטערניס וואס דו
קענסט ניט זעהען, אונד די פער-
פלייצונג פון וואסערן וואס בעדעקען
דיך :
12 איז דען ניט גאט אין די הויכע
הימלען ? אונד זעה דאך די שפיצען
פון די שטערן וויא הויך זייא
זענען :
13 אונד דו זאגסט, וואס ווייסט
גאט ? קען ער דען דורך דעם נעפעל
משפט'ן ?
14 די דיקע וואלקען בעהאלטען
איהם, אונד ער קען ניט זעהען, אונד
ער גייט ארום אין דעם צירקעל
פון הימעל :
15 האסט דו דען בעטראכטעט
דעם אייביגען (אלטען) וועג, וועלכען
די אומגערעכטע מענשען האבען
בעטרעטען ?
16 וואס זענען פערשניטען געווארען
פאר זייער צייט, אונד א טייך איז
אויסגעגאסען געווארען איבער זייער
פונדאמענט :
17 וואס זייא האבען געזאגט צו
גאט, קעהר אפ פון אונס, אבער וואס
קען דער אלמעכטיגער צו זייא טהון ?
18 אונד דאך פילט ער אן זייערע
הייזער מיט גוטעס, אבער די עצה
פון די רשעים איז דערווייטערט פון
מיר :
19 די צדיקים וועלען עס זעהען
אונד זייא וועלען זיך פרייען, אונד
די אומשולדיגע וועלען איבער זייא
שפאטען :
20 איז ניט אונזער פיינד (אדער
אונזער פערמעגען) פערשניטען ? אונד
האט ניט זייער איבערגעבליבענעס
דאס פייער פערברענט ?
21 מאך דיך דאך בעקאנט מיט
איהם אונד האב שלום, אזוי וועט
דורך דעם גוטעס צו דיר קומען :
22 איך בעט דיך, נעם אן די
תורה פון זיין מויל, אונד נעם אויף
זיינע ווערטער אין דיין הארץ :
23 וואָרין ווען דו וועסט דיך צוריק-
קעהרען צו דעם אלמעכטיגען אזוי

וָועסְט דוּא ווִידֶער אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט וֶוערֶען, דוּא זָאלְסְט דֶערְווייטֶערְן דִיא אוּמְ־גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֵיינֶע גֶעצֶעלְטֶען:

24 אוּנְד אַזוֹי וֶועסְט דוּא אָנְלֵייגֶען גָאלְד אַזוֹי וִויא שְׁטוֹיבּ, אוּנְד אַזוֹי וִויא דִיא פֶעלְזֶענְשְׁטֵיינֶער פוּן דִיא טֵייכֶען, גָאלְד פוּן אוֹפִיר:

25 אוּנְד דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער וֶועט זֵיין דֵיינֶע בֶּעשִׁיצוּנְג, אוּנְד דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אַ שְׁטַארְקֶע מַאסֶע זִילְבֶּער:

26 וָוארִין דֶענְסְטְמָאל וֶועסְט דוּא דִיךְ פְרֵייעֶן מִיט דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט אוֹיפְהֵייבֶּען דֵיין פָּנִים צוּ גָאט:

27 דוּא וֶועסְט צוּ אִיהְם בֶּעטֶען, אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ דֶערְהֶערֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט בֶּעצָאלֶען דֵיינֶע נְדָרִים:

28 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט עֶפֶּעס גּוֹזֵר זֵיין (בֶּעשְׁטִימֶען) אַזוֹי וֶועט עֶס דִיר סְקוּיָּם וֶוערֶען, אוּנְד אוֹיף דֵיינֶע וֶועגֶען וֶועט שֵׁיינֶען אַ לִיכְט:

29 וֶוען זֵייא (דִיא מֶענְשֶׁען) הָאבֶּען זִיךְ דֶערְנִידֶערִיגְט אַזוֹי וֶועסְט דוּא זָאגֶען, אַז זֵייא וֶועלֶען דֶערְהוֹיבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד עֶר וֶועט הֶעלְפֶען דִיא וָואס הָאבֶּען נִידֶערְגֶעבֵּייגְטֶע אוֹיגֶען:

30 עֶר וֶועט אַפִילוּ מַצִּיל זֵיין דִיא וָואס זֶענֶען אוּמְשׁוּלְדִיג, אוּנְד עֶר וֶועט עֶנְטְרִינֶען דוּרְךְ דִיא רֵיינְהֵייט פוּן דֵיינֶע הֶענְד:

## קאפיטעל כג

1 אוּנְד אִיּוֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט:

2 אַפִילוּ הֵיינְט אִיז מֵיינֶע קְלָאג בִּיי־טֶער, מֵיינֶע הַאנְד (אָדֶער שְׁלָאג) אִיז שְׁוֶוער וֶועגֶען מֵיין זִיפְצֶען:

3 אוֹי, דָאס אִיךְ וָואלְט ווִיסֶען אַווּאוּ אִיךְ קֶען אִיהְם גֶעפִינֶען! אַז אִיךְ זָאל קֶענֶען אָנְקוּמֶען בִּיז צוּ זֵיין טְרוֹין־שְׁטוּהְל:

4 אִיךְ הֶעט דֶען גֶעוָואלְט מֵיין מִשְׁפָּט פַאר אִיהְם פָארְלֵייגֶען, אוּנְד מֵיין מוֹיל אָנְפִילֶען מִיט תּוֹכָחוֹת:

5 אִיךְ וָואלְט ווִיסֶען דִיא וֶוערְטֶער וָואס עֶר וֶועט מִיר עֶנְטְפֶערְן, אוּנְד הֶעט פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס עֶר וָואלְט צוּ מִיר זָאגֶען:

6 וֶועט עֶר זִיךְ דֶען מִיט מִיר קְרִיגֶען מִיט זֵיין גְרוֹיסֶען כּוֹחַ? נֵיין! נֵייעֶרְט עֶר וֶועט אִין מִיר (כּוֹחַ) גֶעבֶּען:

7 דָארְט וֶועט דֶער אוֹיפְרִיכְטִיגֶער זִיךְ מִיט אִיהְם רֶעכְטֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיף אֵייבִּיג עֶנְטְרִינֶען פוּן מֵיין שׁוֹפֵט:

8 זֶעה, אִיךְ גֵייא פָארְוֶוערְטְס, אָבֶּער עֶר אִיז נִיט דָא; אוּנְד הִינְטֶער מִיר, אָבֶּער אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא אִיהְם נִיט:

9 אִן דֶער לִינְקֶער זֵייט, וָואוּ עֶר הָאט עֶס גֶעטְהוּן, אָבֶּער אִיךְ זֶעה אִיהְם נִיט, עֶר בֶּעהַאלְט זִיךְ אוֹיף דֶער רֶעכְטֶע זֵייט אוּנְד אִיךְ קֶען אִיהְם נִיט דֶערְזֶעהֶען:

10 אָבֶּער עֶר ווייסְט דֶעם וֶועג וָואס אִיז מִיט מִיר, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט מִיךְ גֶעפְּרִיפְט אַזוֹי וֶועל אִיךְ אַרוֹיסְקוּמֶען וִויא גָאלְד:

11 מֵיינֶע פִיס הָאבֶּען אָנְגֶעהַאלְטֶען אִין זֵיינֶע שְׁרִיט, אִיךְ הָאבּ גֶעהִיט זֵיינֶע וֶועגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ נִיט אָפְּ־גֶענֵייגְט:

12 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ נִיט אָפְּגֶעטְהוּן פוּן דִיא מִצְוֹת פוּן זֵיינֶע לִיפֶּען, אִיךְ הָאבּ בֶּעהַאלְטֶען (אָדֶער בֶּעטְרַאכְט) דִיא וֶוערְטֶער פוּן זֵיין מוֹיל מֶעהְר וִויא מֵיין נֵייטִיגֶעס (עֶסֶען):

13 אָבֶער עֶר אִיז פוּן אֵיין (זִין) אוּנְד וֶוער קֶען אִיהְם אוּמְקֶעהְרֶען ? וָוארִין וָואס עֶס גְלוּסְט אִיהְם דָאס טְהוּט עֶר :

14 וָוארִין עֶר טְהוּט פֶּערְלֶענְדֶען דָאס וָואס עֶר הָאט פַאר מִיר בֶּעשְׁטִימְט, אוּנְד פִיל זָאלְכֶעס אִיז בֵּייא אִיהְם :

15 אִיבֶּער דֶעם דֶערשְׁרֶעק אִיךְ מִיךְ פַאר אִיהְם, וֶוען אִיךְ טְהוּא דָאס בֶּע־טְרַאכְטֶען אַזוֹי פָארְכְט אִיךְ מִיךְ פַאר אִיהְם :

16 אָבֶער גָאט מַאכְט מֵיין הַארְץ וֵוייךְ, אוּנְד דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער הָאט מִיךְ דֶערשְׁרָאקֶען :

17 וָוייל אִיךְ בִּין נִיט פֶערשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען פוּן וֶועגֶען דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ נִיט פוּן מֵיין פָּנִים דִיא טוּנְקֶעלֶע פִינְסְטֶערְנִיס צוּגֶעדֶעקְט :

## קאפּיטעל כד

1 פַאר וָואס, וֶוענֶען דִיא צֵייטֶען נִיט פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען בֶּעהַאלְטֶען ? זָאלֶען דִיא וָואס קֶענֶען אִיהְם נִיט זֶעהֶען זֵיינֶע טֶעג ?

2 מַאנְכֶע רִיקֶען אַוֶועק דִיא גְרֶענְעֶצֶען, זֵייא גַזְלֶ'ן אַוֶועק סְטַאדֶעס, אוּנְד זֵייא טְהוּן זֵייא וֵוייִדֶען :

3 דֶעם אֵייזֶעל פוּן דִיא יְתוֹמִים פִיהְרֶען זֵייא, אַוֶועק דֶעם אָקְס פוּן דֶער אַלְמָנָה נֶעמֶען זֵייא פַאר אַ מַשְׁכּוֹן :

4 זֵייא גֵייעֶן אָפּ דֶעם בֶּעדַארְפְטִיגֶען פוּן דֶעם וֶועג, אוּנְד דִיא אָרֶעמֶע פוּן דֶעם לַאנְד בֶּעהַאלְטֶען זִיךְ צוּזַאמֶען :

5 זֶעה, אַזוֹי וִויא דִיא ווִילְדֶע מוֹיל־אֵייזֶעלְן אִין דֶער מִדְבָּר, אַזוֹי גֵייעֶן זֵייא אַרוֹיס צוּ זֵייעֶרֶע אַרְבֵּייט, אִין דֶער פְרִיה זוּכֶען זֵייא צוּ פֶערְצוּקֶען, דִיא מִדְבָּר גֶעט צוּ זֵייא בְּרוֹיט אוּנְד פַאר זֵייעֶרֶע יוּנְגֶע קִינְדֶער :

6 זֵייא טְהוּן אִיטְלִיכֶער אָפּשְׁנֵיידֶען זֵיינֶע תְּבוּאָה אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד אִין פְרֶעמְדֶע וויינְגֶערְטֶען טְהוּן דִיא רְשָׁעִים פֵּירוֹת קְלוֹיבֶּען :

7 דֶעם נַאקֶעטֶען לָאזֶען זֵייא אִיבֶּערְ־נֶעכְטִיגֶען אָהְן אַ מַלְבּוּשׁ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט מִיט וָואס זִיךְ צוּ צוּדֶעקֶען אִין דִיא קֶעלְט :

8 זֵייא זֶענֶען דוּרְכְגֶענֶעצְט פוּן דֶעם שְׁטַארְם־רֶעגֶען פוּן דִיא בֶּערְג, אוּנְד ווייל זֵייא הָאבֶּען קֵיינֶע בֶּעשִׁיצוּנְג דַארוּם הַאלְזֶען זֵייא דֶעם פֶעלְזֶען שְׁטֵיין :

9 זֵייא רוֹיבֶּען אַפִילוּ דֶעם יָתוֹם פוּן דִיא בְּרוּסְט, אוּנְד זֵייא נֶעמֶען אַ מַשְׁכּוֹן פוּן דֶעם אָרֶעמֶען מַאן :

10 זֵייא לָאזֶען אִיהְם אַרוּמְגֵיין אָהְן קְלֵיידֶער, אוּנְד זֵייא נֶעמֶען נָאךְ אַוֶועק פוּן דֶעם הוּנְגֶערִיגֶען זֵייעֶרֶע גֶעטְרֵיידֶע־גַארְבֶּען :

11 צְווִישֶׁען אִיהְרֶע מוֹיעֶרֶען מַאכֶען זֵייא זֵייעֶר אֵייל, אוּנְד זֵייא טְרֶעטֶען אוֹיס אִין דִיא ווייִן־קֶעלְטֶערְס, אוּנְד זֵייא לָאזֶען (דִיא אָרֶעמֶע) דוּרְשְׁטִיג זֵיין :

12 דִיא מֶענְשֶׁען פוּן דֶער שְׁטָאט שְׁרֵייעֶן, אוּנְד דָאס נֶפֶשׁ פוּן דִיא פֶערוואוּנְדֶעטֶע שְׁרֵייעֶן אוֹיס, אוּנְד דָאךְ טְהוּט גָאט נִיט בֶּעטְרַאכְטֶען זֵייעֶרֶע לֶעסְטֶערוּנְג :

13 זֵייא זֶענֶען דִיא וָואס הָאבֶּען מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען דֶעם לִיכְט, זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט דֶערְקֶענֶען זֵיינֶע וֶועגֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אוֹיךְ נִיט גֶעבְּלִיבֶּען אִין זֵיינֶע שְׁטֶעגֶען :

14 מִיט דֶעם לִיכְט שְׁטֵייט דֶער רוֹצֵחַ אוֹיף אוּנְד עֶר דֶערשְׁלָאגְט דֶעם אָרֶעמֶען אוּנְד בֶּעדַארְפְטִיגֶען, אוּנְד

בֵּייא נַאכְט אִיז עֶר אַזוֹי וִויא אַ גַנָב׃
15 אוּנְד דָאס אוֹיג פוּן דֶעם נוֹאֵף
לוֹיעֶרְט אוֹיף דִיא פַאר נַאכְט, אוּנְד
זָאגְט, קֵיין אוֹיג וֶועט מִיךְ נִיט זֶעהֶען,
אוּנְד אִין דֶעם פֶערְבָּארְגֶענֶעם טְהוּט עֶר
זַיין פָּנִים׃
16 אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס גְרוּבְּט עֶר
אוּנְטֶער הֵייזֶער, וָואס זַייא הָאבֶּען זִיךְ
פֶערְצֵייכֶענְט בֵּייא טָאג, זַייא (ווִילֶען
נִיט) קֶענֶען דָאס לִיכְט׃
17 וָוארִין דֶער פְרִיה־מָארְגֶען אִיז
פַאר זַייא גְרָאד אַזוֹי וִויא דֶער שָׁאטֶען
פוּן דֶעם טוֹיט, וֶוען מֶען דֶערְקֶענְט
זַייא, אַזוֹי זֶענֶען זַייא אִין דֶער שְׁרֶעק
וִויא דֶער שָׁאטֶען פוּן דֶעם טוֹיט׃
18 עֶר אִיז אַזוֹי לֵייכְט וִויא אוֹיף דֶעם
וַואסֶער, אָבֶּער זַייעֶר חֵלֶק אִיז פֶערְ־
שָׁאלְטֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, עֶר קֶעהְרְט
זִיךְ נִיט אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דִיא
ווַיינְגֶערְטֶען׃
19 דַארְקֵייט אוּנְד הִיץ גַזְלֶ'ן אַוֶועק
דָאס שְׁנֵייא־וַואסֶער אַזוֹי טְהוּט דֶער
שְׁאוֹל דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט׃
20 דֶער מוּטֶערלֵייבּ זָאל אִיהְם פֶערְ־
גֶעסֶען, אוּנְד דִיא וֶוערְם הָאבֶּען אַן
אִיהְם זִיסְקֵייט, עֶר וֶועט נִיט מֶעהְר
גֶעדֶענְקְט וֶוערֶען, אוּנְד דִיא אוּמְגֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט וֶועט צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען
אַזוֹי וִויא אַ בּוֹים׃
21 דִיא עֲקָרָה וָואס הָאט נִיט גֶעווְאוּנֶען
הָאט עֶר שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט, אוּנְד
דִיא אַלְמָנָה הָאט עֶר אוֹיךְ נִיט קֵיין
גוּטֶעס גֶעטְהוּן׃
22 אוּנְד דִיא שְׁטַארְקֶע הָאט עֶר מִיט
זַיין כּוֹחַ גֶעצוֹיגֶען, וֶוען עֶר שְׁטֵייט אוֹיף
אִיז קֵיינֶער נִיט זִיכֶער מִיט זַיין לֶעבֶּען׃
23 חָאטְשֶׁע זִיכֶערְהֵייט וֶוערְט אִיהְם
גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶע־
לֶעהְנְט, דָאךְ זֶענֶען זַיינֶע (גָאטְ'ס)
אוֹיגֶען אוֹיף זֵיירֶע וֶועגֶען׃
24 זַייא זֶענֶען דֶערְהוֹיבֶּען גֶעוָוארֶען
פַאר אַ קְלֵיינֶע צֵייט, אָבֶּער זַייא זֶענֶען
נִיט מֶעהְר דָא, אוּנְד זַייא וֶוערֶען
אַנִידֶערְגֶעשְׁטוֹיסֶען, זַייא וֶוערֶען אֵיינְ־
גֶעזַאמֶעלְט אַזוֹי וִויא אַלֶע אַנְדֶערֶע
זַאכֶען (דְהַיְינוּ תְּבוּאוֹת), אוּנְד זַייא
וֶוערֶען פֶערשְׁנִיטֶען אַזוֹי וִויא דִיא
שְׁפִּיצֶען פוּן זַאנְגֶען׃
25 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז נִיט אַזוֹי, וֶוער
מַאכְט מִיךְ צוּם לִיגְנֶער, אוּנְד מַאכְט
מֵיינֶע וֶוערְטֶער אַזוֹי וִויא גָאר נִיט?

## קאפּיטעל כה

1 אוּנְד בִּלְדַד הַשּׁוּחִי הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּנְד גֶעזָאגְט׃
2 דִיא גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט אוּנְד פָארְכְט
זֶענֶען מִיט אִיהְם, עֶר מַאכְט שָׁלוֹם אִין
זַיינֶע הֵייךְ!
3 אִיז דֶען פֶערְהַאנְדֶען אַ צָאל צוּ
זַיינֶע חַיָילוֹת? אוּנְד אִיבֶּער וֶועמֶען
גֵייט נִיט אוֹיף זַיין לִיכְט?
4 אוּנְד וִויא קֶען דֶען אַ מֶענְשׁ
גֶערֶעכְט זַיין מִיט גָאט? אוּנְד וִויא
קֶען אֵיינֶער וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן אַ
פְרוֹיא רֵיין זַיין?
5 זֶעה, נִיט אַמָאל דִיא לְבָנָה, אוּנְד
עֶס שֵׁיינְט דָאךְ נִיט, אוּנְד אֲפִילוּ דִיא
שְׁטֶערֶען זֶענֶען נִיט רֵיין אִין זַיינֶע
אוֹיגֶען׃
6 מִכָּל־שֶׁכֵּן דֶער מֶענְשׁ, וָואס אִיז
וֶוערְם—אוּנְד דֶער מֶענְשֶׁען־זוּהְן וָואס
אִיז אַ וָוארְם?

## קאפּיטעל כו

1 אוּנְד אִיוֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד
גֶעזָאגְט׃

2 וָואס הָאסְט דוּא דֶעם גֶעהָאלְפֶען
וָואס הָאט קֵיינֶע קְרַאפְט ? וָואס
הָאסְט דוּא דֶעם אָרֶעם גֶעהָאלְפֶען
וָואס הָאט קֵיינֶע שְׁטַארְקְהַייט :
3 וָואס פַאר אַיין עֵצָה הָאסְט דוּא
גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם וָואס אִיז נִיט קְלוּג ?
אוּנְד וִויא הָאסְט דוּא אַזוֹי פִיל בֶּע־
קַאנְט גֶעמַאכְט גְרָאד אַזוֹי וִויא דוּא
הָאסְט גֶעוְואוּסְט ?
4 צוּ וֶועמֶען הָאסְט דוּא אָנְגֶעזָאגְט
וֶוערְטֶער ? אוּנְד וֶועמֶענְ'ס נְשָׁמָה אִיז
פוּן דִיר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען ?
5 דִיא רְפָאִים זָענֶען בֶּעשַׁאפֶען גֶע־
וָוארֶען אוּנְטֶער דִיא וַואסֶערְן, אוּנְד
אוֹיךְ זֵייעֶרֶע בֶּעוְואוֹינֶערְס :
6 דֶער שְׁאוֹל אִיז אַפִילוּ נַאקֶעט פַאר
אִיהְם, אוּנְד דֶער אֲבַדוֹן הָאט נִיט
קֵיינֶע צוּדֶעק :
7 עֶר שְׁפְּרֵייט אוֹיס דִיא צָפוֹן־זַייט
אִיבֶּער דֶעם לֵיידִיגֶען אָרְט, אוּנְד עֶר
הֶענְגְט דִיא עֶרְד אוֹיף גָאר נִיט :
8 עֶר בִּינְד דִיא וַואסֶערְן אִין זֵיינֶע
דִיקֶע וָואלְקֶען, אוּנְד דֶער וָואלְקֶען
וֶוערְט נִיט אוּנְטֶער זֵייא גֶעשְׁפָּאלְטֶען :
9 עֶר הַאלְט צוּרִיק דָאס פָּנִים (אָדֶער
פָארְדֶערֶע־זֵייטֶע) פוּן דֶעם טְרוֹין־שְׁטוּל,
אוּנְד עֶר שְׁפְּרֵייט דַארִיבֶּער אוֹיס זֵיין
וָואלְקֶען :
10 עֶר הָאט בֶּעשְׁטִימְט אַ צִירְקֶעל
אִיבֶּער דִיא וַואסֶערְן, בִּיז דָאס לִיכְט
אוּנְד דִיא פִינְסְטֶערְנִיס קוּמֶען צוּ אַיין
עֶנְד :
11 דִיא זֵיילֶען פוּן דֶעם הִימֶעל זָענֶען
שְׁלַאף גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
פֶערְוְואוּנְדֶערְט פוּן וֶועגֶען זֵיין אָנ־
שְׁרֵייעֶן :
12 דוּרְךְ זֵיין כֹּחַ הָאט עֶר גֶעשְׁטִילְט
(אָדֶער בֶּעוֶועגְט) דָאס יָם, אוּנְד דוּרְךְ
זֵיין פֶערְשְׁטַאנְד הָאט עֶר צוּשְׁפָּאלְטֶען
רָהַב :
13 דוּרְךְ זֵיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ הָאט עֶר
דִיא הִימֶעלְן אוֹיסְגֶעצֶערְט, זֵיינֶע הַאנְד
הָאט אוֹיךְ גֶעשַׁאפֶען דִיא קְרוּמֶע
שְׁלַאנְג :
14 זֶעה, דִיא דָאזִיגֶע זָענֶען נָאר אַ
טֵייל פוּן זֵיינֶע וֶועגֶען, אָבֶּער וִויא אַ
קְלֵיינֶע זַאךְ הֶערֶען מִיר פוּן אִיהְם ?
אָבֶּער וֶוער קֶען פֶערְשְׁטֵיין דֶעם
שְׁטַארֶעם פוּן זֵיינֶע מַאכְט ?

## קאפיטעל כז

1 אוּנְד אִיוֹב הָאט נָאכְמָאל אוֹיפְ־
גֶעהוֹיבֶּען זֵיין מָשָׁל, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט :
2 אַזוֹי וָואהְר וִויא גָאט לֶעבְּט, וָואס
הָאט אָפְּגֶעטְהוּן מֵיין מִשְׁפָּט, אוּנְד דֶער
אַלְמֶעכְטִיגֶער וָואס הָאט דֶערְבִּיטֶערְט
מֵיין נֶפֶשׁ :
3 וָוארִין אַזוֹי לַאנְג וִויא מֵיינֶע נְשָׁמָה
אִיז נָאךְ אִין מִיר, אוּנְד דֶער גֵייסְט
פוּן גָאט (דֶער אָטֶעם) אִיז אִין מֵיינֶע
נָאזְלֶעכֶער :
4 אוֹיב אִיךְ וֶועל מִיט מֵיינֶע לִיפֶּען
עֶפֶּעס אוּמְרֶעכְטֶעס אוֹיסְרֶעדֶען, אָדֶער
אוֹיב מֵיינֶע צוּנְג וֶועט טְרַאכְטֶען
פַאלְשֶׁעס :
5 חָלִילָה, עֶס זָאל פֶערְמִיטֶען זֵיין
פוּן מִיר אוֹיב אִיךְ וֶועל אֵייךְ גֶערֶעכְט
מַאכֶען, בִּיז אִיךְ וֶועל שְׁטַארְבֶּען וֶועל
אִיךְ נִיט מֵיינֶע גַאנְצְהַייט פוּן מִיר
אָפְּטְהוּן :
6 אִיךְ הַאלְט פֶעסְט אָן מֵיינֶע גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס נִיט
אָפְּלָאזֶען, מֵיין הַארְץ וֶועט מִיךְ נִיט
שֶׁעהְנֶדֶען אַזוֹי לַאנְג וִויא אִיךְ לֶעבּ :

7 לָאז מַיין פֵיינְד זַיין אַזוי וויא אַ
רָשָׁע, אוּנְד דֶער וָואס שְׁטֵייט קֶעגֶען
מִיר אוֹיף, אַזוי וויא דֶער אוּמְגֶערֶעכְ־
טֶער:
8 וָוארִין וָואס פַאר אַ הָאפֶענוּנְג הָאט
דֶער הֵייכְלֶער (חוֹנֵף)? חָאטְשֶׁע עֶר
אִיז גֵייצִיג, וֶוען גָאט גֶענֶעמְט אַוֶועק
זַיינֶע נְשָׁמָה?
9 וֶועט דֶען גָאט הֶערֶען זַיין גֶעשְׁרֵייא,
וֶוען אַ צָרָה קוּמְט אִיבֶּער אִיהְם?
10 אָדֶער קֶען עֶר זִיךְ דֶען פְרֵייעֶן
מִיט דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען? וֶועט עֶר דֶען
גָאט אַלֶע צֵייט אָנְרוּפֶען?
11 אִיךְ וֶועל אֵייךְ בֶּעלֶעהְרֶען דוּרְךְ
גָאט'ס הַאנְד, אִיךְ וֶועל נִיט פֶערְמֵיידֶען
דָאס וָואס עֶס אִיז מִיט דֶעם אַלְמֶעכְ־
טִיגֶען:
12 זֶעהְט, אִיהְר אַלֶע הָאט עֶס דָאךְ
אַלֵיין גֶעזֶעהֶען, אוּנְד ווארוּם זֶענְט
אִיהְר נָאךְ אַזוי נַארִישׁ?
13 דָאס אִיז דָאס חֵלֶק וָואס דֶער
רָשָׁע הָאט מִיט גָאט, אוּנְד דָאס אִיז
דִיא נַחֲלָה וָואס דִיא רוֹיבֶּערְס בֶּעקוּמֶען
פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען:
14 וֶוען זַיינֶע קִינְדֶער פֶערְמֶעהְרֶען
זִיךְ, אַזוי אִיז עֶס פַאר דֶעם שְׁוֶוערְד,
אוּנְד זַיינֶע קִינְדֶערְס קִינְדֶער וֶועלֶען
זִיךְ נִיט זֶעטִיגֶען מִיט בְּרוֹיט:
15 דִיא וָואס בְּלֵייבֶּען אִיבֶּער פוּן
אִיהְם וֶועלֶען דוּרְךְ דֶעם טוֹיט בֶּעגְרָאבֶּ־
בֶּען וֶוערֶען, אוּנְד זַיינֶע אַלְמָנוֹת וֶועלֶען
נִיט אַמָאל וויינֶען:
16 חָאטְשֶׁע עֶר הָאט אָנְגֶעזַאמֶעלְט
זִילְבֶּער אַזוי וויא שְׁטוֹיבּ, אוּנְד אָנְגֶעגֶ־
בְּרֵייט קְלֵיידֶער אַזוי וויא לֵיים!
17 עֶר מֶעג זֵייא אָנְבְּרֵייטֶען, אָבֶּער
דֶער צַדִיק וֶועט זִיךְ מִיט זֵייא אָנְ־
קְלֵיידֶען, אוּנְד דִיא אוּמְשׁוּלְדִיגֶע וֶועלֶען
זִיךְ צוּטֵיילֶען דָאס זִילְבֶּער:
18 עֶר בּוֹיעֶט אוֹיף זַיין הוֹיז אַזוי וויא
דִיא מָאט, (אַ וָוארְם), אוּנְד אַזוי וויא
אַ סֻכָּה וָואס אַ הִיטֶער מַאכְט זִיךְ:
19 דֶער רֵייכֶער (רָשָׁע) לֵייגְט זִיךְ
אַנִידֶער, אוּנְד עֶר וֶוערְט נִיט אֵיינְ־
גֶעזַאמֶעלְט, וֶוען עֶר מַאכְט אוֹיף זַיינֶע
אוֹיגֶען אַזוי אִיז עֶר נִיט מֶעהְר דָא:
20 דִיא שְׁרֶעקֶענִיס דֶערגְרֵייכְט אִיהְם
אַזוי וויא דָאס וַואסֶער, אוּנְד דֶער
שְׁטוּרְמְווִינְד גַנְבְ'ת אִיהְם אַוֶועק בֵּייא
דֶער נַאכְט:
21 דֶער מִזְרַח־ווִינְד טְרָאגְט אִיהְם
אַוֶועק, אוּנְד עֶר גֵייט אַוֶועק, אוּנְד עֶר
וֶוערְט פֶערְטְרִיבֶּען פוּן זַיין אָרְט:
22 וָוארִין עֶר (גָאט) וַוארְפְט אוֹיף
אִיהְם, אוּנְד עֶר וֶועט אִיהְם נִיט פֶערְ־
שׁוֹינֶען, עֶר מַאכְט גֶערֶען עֶנְטְלוֹיפֶען
פוּן זַיינֶע הַאנְד:
23 מֶען קְלַאפְּט אִיבֶּער אִיהְם מִיט
דִיא הֶענְד, אוּנְד מֶען טְהוּט אִיהְם
שְׁמוּצֶערְן פוּן זַיין אָרְט:

## קאפיטעל כח

1 וָוארִין עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אֵיין
אוֹיסְגַאנְג פַאר דֶעם זִילְבֶּער, אוּנְד אֵיין
אָרְט וְואוּ מֶען לֵייטֶערְט דָאס
גָאלְד:
2 אֵייזֶען וֶוערְט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן
דֶער עֶרְד, אוּנְד קוּפֶער וֶוערְט אוֹיסְ־
גֶעשְׁמָאלְצֶען פוּן שְׁטֵיינֶער:
3 עֶר (גָאט) הָאט גֶעמַאכְט אֵיין עֶנְד
צוּ דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד עֶר פָארְשְׁט
אוֹיס אִיטְלִיכֶע פוּלְקוּמֶענְהֵייט, דִיא
שְׁטֵיינֶער פוּן פִינְסְטֶערְנִיס אוּנְד שָׁאטֶען
פוּן טוֹיט:
4 אַ טֵייךְ בְּרֶעכְט אוֹיס אַפִילוּ פוּן אַ

בֶּעוואוּנְטֶען אָרְט, וָואס זֶענֶען פֶּערְ־
גֶעסֶען גֶעוָוארֶען פוּן דִיא פוּס־גֵייעֶרְס,
זַייא זֶענֶען פֶערְאָרֶעמְט גֶעוָוארֶען אוּנְד
פוּן מֶענְשֶׁען פֶערְוָואגֶעלְט׃
5 אוּנְד דָאס לַאנְד־שְׁפֵּייז קוּמְט דֶערְ־
פוּן אַרוֹיס, אוּנְד הִינְטֶער זִיךְ אִיז עֶס
פֶערְקֶעהְרְט אַזוֹי וִויא פַייעֶר׃
6 אִיהְרֶע שְׁטֵיינֶער אִיז דֶער אָרְט פוּן
דֶעם סַפִּיר, אוּנְד דֶער שְׁטוֹיב הָאט
גָאלְד׃
7 עֶס אִיז אַ שְׁטֶעג וָואס דֶער רוֹיבּ־
פוֹיגֶעל קֶען אִיהְם נִיט, אוּנְד דָאס אוֹיג
פוּן דֶער אַיָה הָאט אִיהְם אוֹיךְ נִיט
גֶעזֶעהֶען׃
8 דִיא יוּנְגֶע לֵייבֶּען הָאבֶּען דֶעם וֶועג
נִיט בֶּעטְרֶעטֶען, אוּנְד קֵיין אַלְטֶער
לֵייבּ אִיז אוֹיךְ נִיט פַארְאִיבֶּער גֶע־
גַאנְגֶען׃
9 עֶר שְׁטְרֶעקְט אוֹיס זַיינֶע הַאנְד צוּ
דֶעם שְׁטַארְקֶען פֶעלְז, עֶר קֶעהְרְט
אִיבֶּער דִיא בֶּערְג פוּן דִיא וָואוּרְצֶעל׃
10 אִין דִיא פֶעלְזֶען הָאט עֶר גֶע־
שְׁפָּאלְטֶען קְוַואלֶען, אוּנְד זַיין אוֹיג
זֶעהְט אִיטְלִיכֶע טֵייעֶרֶע זַאךְ׃
11 עֶר בִּינְט דִיא טֵייכֶען כְּדֵי זַייא
זָאלֶען נִיט אִיבֶּערְפְלֵייצֶען, אוּנְד דִיא
בֶּעהַאלְטֶענֶע זַאכֶען בְּרֶענְגְט עֶר אַרוֹיס
צוּם לִיכְט׃
12 אָבֶּער פוּן וַואנֶען זָאל דִיא חָכְמָה
גֶעפוּנֶען וֶוערֶען? אוּנְד וָואוּ אִיז דֶער
אָרְט פוּן פֶערשְׁטֶענְדִיגְקֵייט?
13 קֵיין מֶענְשׁ וֵוייסְט נִיט אִיהְרֶע
שַׁאצוּנְג, זִיא קֶען אוֹיךְ נִיט גֶעפוּנֶען
וֶוערֶען אִין דֶעם לַאנְד פוּן דִיא לֶע־
בֶּעדִיגֶע׃
14 דִיא טִיפֶענִים זָאגְט, זִיא אִיז נִיט
אִין מִיר, אוּנְד דָאס יַם זָאגְט, זִיא אִיז
נִיט בֵּייא מִיר׃
15 קֵיין פֵיינְגָאלְד קֶען נִיט דֶערְפַאר
גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד קֵיין זִילְבֶּער
קֶען פַאר אִיהְר קוֹיפְפְּרֵייז אָפְּגֶעוואוֹיגֶען
וֶוערֶען׃
16 זִיא קֶען נִיט גֶעשֶׁעצְט וֶוערֶען מִיט
דֶעם גָאלְד פוּן אוֹפִיר, אָדֶער מִיט
(דִיא טֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער) שׁוֹהַם, אוּנְד
סַפִּיר׃
17 קֵיין גָאלְד אוּנְד קְרִיסְטַאל קֶען
נִיט צוּ אִיהְר גֶעגְלִיכֶען וֶוערֶען, אוּנְד
זִיא קֶען נִיט פֶערְטוֹישְׁט וֶוערֶען פַאר
דִיא פֵיינְסְטֶע גָאלְדֶענֶע כֵּלִי׃
18 פוּן קָרָעלֶען אוּנְד פֶּערְלֶען זָאל
קֵיין גֶעדֶעכְטֶענִיס נִיט זַיין, וָוארִין דֶער
פְּרֵייז פוּן חָכְמָה אִיז טֵייעֶרֶער פוּן
פֶּערְלֶען׃
19 דֶער טָאפַּאז פוּן כּוּשׁ קֶען נִיט
דֶערְמִיט גֶעשֶׁעצְט (אָדֶער פֶערְגְלִיכֶען)
וֶוערֶען, אוּנְד זִיא קֶען נִיט אָפְּגֶעוואוֹיגֶען
וֶוערֶען מִיט דֶעם רֵיינְסְטֶען גָאלְד׃
20 אָבֶּער פוּן וָואוּ קוּמְט דִיא חָכְמָה?
אוּנְד וָואוּ אִיז דֶער אָרְט פוּן פֶערְ־
שְׁטֶענְדִיגְקֵייט?
21 וָוארִין זִיא אִיז פֶערְהוֹילֶען פוּן
דִיא אוֹיגֶען פוּן אַלֶע לֶעבֶּעדִיגֶע, אַפִילוּ
פוּן דִיא פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל אִיז זִיא
בֶּעהַאלְטֶען׃
22 דֶער אַבַדוֹן (גֵיהִנָּם) אוּנְד דֶער
טוֹיט זָאגֶען, מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט מִיט
אוּנְזֶערֶע אוֹיעֶרֶן דֶעם שֵׁם דֶערְפוּן׃
23 גָאט פֶערְשְׁטֵייט אִיהְר וֶועג, אוּנְד
עֶר וֵוייסְט אוֹיךְ דֶען אָרְט פוּן אִיהְר׃
24 וָוארִין עֶר קֶען קוּקֶען בִּיז צוּ דֶעם
עֶנְד פוּן דֶער עֶרְד, עֶר זֶעהְט אַלֶעס
וָואס אִיז אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל׃
25 כְּדֵי צוּ מַאכֶען צוּ דֶעם ווִינְד אַ

גֶעווירְקְט, אוּנְד אַפִּילוּ דָאס וואַסֶער
הָאט עֶר אָנְגֶעבְּרֵייט מִיט אַ מָאס:
26 ווֶען עֶר הָאט גֶעמַאכְט צוּ דֶעם
רֶעגֶען אַ גֶעזֶעץ, אוּנְד אַ ווֶעג פַאר
דֶעם בְּלִיץ אוּנְד גֶעווִיטֶער:
27 דֶענְסְטְמָאל הָאט עֶר עֶס גֶעזֶעהֶען
אוּנְד עֶר הָאט עֶס דֶערְצֵיילְט, עֶר הָאט
עֶס אָנְגֶעבְּרֵייט, יוֹא, עֶר הָאט עֶס אוֹיךְ
אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט:
28 אָבֶּער צוּ דֶעם מֶענְשׁ הָאט עֶר
גֶעזָאגְט, זֶעה, דִיא פָארְכְט פַאר גָאט,
דָאס אִיז חָכְמָה, אוּנְד זִיךְ אַװֶעקְצוּ־
קֶעהְרֶען פוּן דֶעם בֵּייזֶען דָאס אִיז
פֶערשְׁטֶענְדִיגְקֵייט:

קאפיטעל כט

1 אוּנְד אִיוֹב הָאט נָאכְמָאל אוֹיפְגֶע־
הוֹיבֶּען זַיין מָשָׁל, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט:
2 אוֹי, דָאס אִיךְ וָואלְט גֶעוֶועזֶען אַזוֹי
ווִיא אִין דִיא פְרִיהֶערִיגֶע חֳדָשִׁים, אַזוֹי
ווִיא אִין דִיא טֶעג ווֶען גָאט הָאט מִיךְ
גֶעהִיטֶען!
3 ווֶען זַיין לִיכְט הָאט גֶעשַׁיינְט אוֹיף
מַיין קָאפּ, אוּנְד ווֶען אִיךְ בִּין אִין זַיין
לִיכְט גֶעגַאנְגֶען אַפִּילוּ אִין דֶער
פִינְסְטֶערְנִיס:
4 אַזוֹי ווִיא אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אִין דִיא
טֶעג פוּן מֵיינֶע יוּנְגֶע קְרַאפְט, ווֶען
דֶער סוֹד פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען אִין
מֵיין גֶעצֶעלְט:
5 ווֶען דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער אִיז נָאךְ
מִיט מִיר גֶעוֶועזֶען, ווֶען מֵיינֶע קִינְדֶער
הָאבֶּען מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט:
6 ווֶען אִיךְ הָאבּ מֵיינֶע טְרִיט גֶעוואַ־
שֶׁען מִיט פּוּטֶער, אוּנְד דֶער פֶעלְז
הָאט מִיר אוֹיסְגֶעגָאסֶען טֵייכֶען מִיט
אֵייל:
7 ווֶען אִיךְ בִּין אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ
דֶעם טוֹיעֶר אִין דִיא שְׁטָאט, ווֶען אִיךְ
הָאבּ אִין דֶער גַאס אָנְגֶעבְּרֵייט מֵיין
שְׁטוּל:
8 ווֶען דִיא יוּנְגֶע־לֵייט הָאבֶּען מִיךְ
גֶעזֶעהֶען אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ בֶּע־
הַאלְטֶען, אַפִּילוּ דִיא אַלְטֶע לֵייט זֶענֶען
פַאר מִיר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען:
9 פְרִינְצֶען הָאבֶּען פֶערְמִיטֶען צוּ
רֶעדֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶרֶע הַאנְד
אוֹיף זֵייעֶר מוֹיל גֶעלֵייגְט:
10 דָאס קוֹל פוּן דִיא עֶדֶעל־לֵייט הָאט
זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע צוּנְג הָאט
זִיךְ בֶּעהֶעפְט צוּ זֵייעֶר גוֹימֶען:
11 ווֶען דָאס אוֹיעֶר הָאט מִיךְ גֶע־
הֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶס מִיךְ גֶעבֶּענְשְׁט,
אוּנְד ווֶען דָאס אוֹיג הָאט מִיךְ
גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאט אוֹיף מִיר עֵדוּת
גֶעזָאגְט:
12 וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט אֶנְטְרִי־
נֶען דֶעם אָרֶעמֶען וָואס הָאט גֶעשְׁרִיגֶען,
אוּנְד דֶעם יָתוֹם, אוּנְד אוֹיךְ דֶעם וָואס
הָאט נִיט קֵיין הֶעלְפֶער:
13 דִיא בְּרָכָה פוּן דֶעם וָואס אִיז
נָאהֶענְט גֶעוֶועזֶען פֶערְלוֹירֶען צוּ ווֶערֶען
אִיז אִיבֶּער מִיר גֶעקוּמֶען, אוּנְד דָאס
הַארְץ פוּן דֶער אַלְמָנָה הָאבּ אִיךְ
גֶעמַאכְט זִינְגֶען:
14 אִיךְ הָאבּ מִיךְ אָנְגֶעקְלֵייד מִיט
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד זִיא הָאט מִיךְ
בֶּעקְלֵיידֶעט, אַזוֹי ווִיא מִיט אַ מַאנְטֶעל
אוּנְד אַ הוּט אִיז גֶעוֶועזֶען מֵיין מִשְׁפָּט:
15 אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אוֹיגֶען צוּ דֶעם
בְּלִינְדֶען, אוּנְד פִיס בִּין אִיךְ גֶעוֶועזֶען
צוּ דֶעם לָאמֶען:
16 אִיךְ בִּין אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אַ פָאטֶער
צוּ דִיא נוֹיטְבֶּעדַארְפְטִיגֶע, אוּנְד אַפִּילוּ

דֶעם קְרִיג פוּן זָאלְכֶע וָואס אִיךְ הָאבּ
נִיט גֶעקֶענְט הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ אוֹיסְגֶע־
פָּארְשְׁט :
17 אִיךְ הָאבּ צוּבְּרָאכֶען דִיא בַּאקְצֵיין
פוּן דֶעם אוּמְגֶערֶעכְטֶען, אוּנְד פוּן
זַיינֶע צֵיין הָאבּ אִיךְ אַפִּילוּ אַוֶועקְגֶע־
רִיסֶען דָאס פֶערְצוּקְטֶע :
18 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט דָאס
אִיךְ וֶועל שְׁטַארְבֶּען אִין מֵיין נֶעסְט,
אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְמֶעהְרֶען מֵיינֶע
טֶעג אַזוֹי וִויא דֶעם זַאמְד :
19 מֵיינֶע וָוארְצֶעל אִיז גֶעוֶועזֶען
אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט בִּיז צוּ דֶעם וַואסֶער,
אוּנְד דֶער טוֹיא אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף
מֵיינֶע צְוֵויינֶען אִיבֶּער נַאכְט :
20 מֵיין כָּבוֹד אִיז בַּייא מִיר נַייא
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד מֵיין בּוֹיגֶען אִיז אִין
מֵיינֶע הַאנְד פֶערְוֶועקְסֶעלְט (שְׁטַארְק)
גֶעוָוארֶען :
21 צוּ מִיר הָאבֶּען מֶענְשֶׁען גֶעהָארְכְט
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהָאפְט, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען שְׁטִיל גֶעשְׁוִויגֶען צוּ מֵיינֶע
עֵצוֹת :
22 אוּנְד נָאךְ מֵיינֶע רֵייד הָאבֶּען זֵייא
שׁוֹין נִיט מֶעהְר גֶעעֶנְדֶערְט, אוּנְד
מֵיינֶע רֵייד הָאבֶּען אוֹיף זֵייא גֶעטְרִיפְט :
23 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיף מִיר גֶע־
הָאפְט אַזוֹי וִויא אוֹיף דֶעם רֶעגֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶר מֵיילֶער
אוֹיפְגֶעמַאכְט אַזוֹי וִויא צוּ דֶעם
שְׁפֶּעט־רֶעגֶען :
24 אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ אִיבֶּער זֵייא
גֶעלַאכְט אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא עֶס נִיט
גֶעגְלֵייבְּט, אוּנְד דָאס לִיכְט פוּן מֵיין
פָּנִים הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעמַאכְט פַאלֶען :
25 אִיךְ הָאבּ זֵייעֶר וֶועג אוֹיסְדֶערְ־
וֵויילְט, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעזֶעסֶען אוֹיבֶּען
אָן, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעוְואוֹינְט אַזוֹי
וִויא אַ מֶלֶךְ צְוִוישֶׁען דִיא חַיָלוֹת, אַזוֹי
וִויא אֵיינֶער וָואס אִיז מְנַחֵם דִיא
אֲבֵלִים :

## קאפיטעל ל

1 אָבֶּער אַצוּנְד לַאכֶען אִיבֶּער מִיר
אַפִּילוּ דִיא וָואס זֶענֶען יוּנְגֶער פוּן מִיר
אִין יָאהְרֶען, וָואס אִיךְ הָאבּ זֵייעֶרֶע
אָבוֹת פֶערְאַכְטֶעט אַז זֵייא זָאלֶען נִיט
אַ מָאל זַיין מִיט דִיא הִינְד פוּן מֵיינֶע
שָׁאף :
2 אוּנְד צוּ וָואס הָאט מִיר גֶעטוֹיגְט
דֶער כּוֹחַ פוּן זֵייעֶרֶע הֶענְד, וָוארִין אוֹיךְ
אִין זֵייא אִיז דֶער לֶעבֶּענְ'ס כּוֹחַ פֶערְ־
לוֹירֶען גֶעוָוארֶען :
3 פוּן וֶועגֶען הוּנְגֶער אוּנְד נוֹיט זֶענֶען
זֵייא דָאךְ אַלֵיין (אָפְּגֶעמַאטֶערְט) אוּנְד
זֵייא זֶענֶען אֶנְטְלָאפֶען אִין דֶער וִויסְ־
טֶענִים וָואס אִיז שׁוֹין פוּן לַאנְג פִינְסְ־
טֶער אוּנְד וִויסְט :
4 וָואס הָאבֶּען אָפְּגֶעפְּלִיקְט דִיא זַאלְץ־
קְרֵייטֶעכֶער אוּנְד דִיא וְואוֹרְצֶעלְן פוּן
דִיא יְתוֹמִים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זֵייעֶרֶע
שְׁפֵּייז :
5 זֵייא זֶענֶען פֶערְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען
פוּן צְוִוישֶׁען דִיא מֶענְשֶׁען, מֶען הָאט
אוֹיף זֵייא נָאכְגֶעשְׁרִיגֶען וִויא אוֹיף אַ
גַנָב :
6 כְּדֵי זֵייא זָאלֶען וְואוֹינֶען אִין שְׁרֶעקְ־
לִיכֶע טֶעהָלֶער, אִין דִיא גְרִיבֶּער פוּן
דִיא עֶרְד אוּנְד אִין דִיא פֶעלְזֶען :
7 זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן צְוִוישֶׁען דִיא
בֵּיימֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְ־
זַאמֶעלְט אוּנְטֶער דִיא דֶערְנֶער :
8 זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען קִינְדֶער פוּן
נַארוֹנִים, אוֹיךְ קִינְדֶער וָואס הָאבֶּען
נִיט גֶעהַאט קֵיין שֵׁם זֵייא זֶענֶען אוֹיךְ

גערוגען דיא פערשטויסענע פון דעם
לאנד:
9 אונד אצונד בין איך געוואָרען
זייער געזאַנג, יוא, איך בין זייער
שפּריכוואָרט:
10 זייא פּעראומווירדיגען מיך, זייא
האבען זיך פון מיר דערווייטערט,
אונד זייא פערמיידען ניט אמאָל מיר
אין דעם פּנים צו שפּייען:
11 וואָרין ער האט אויפגעמאַכט מיין
שנירעל, אונד ער האט מיך גע־
דעמיטיגט, אונד זייא האבען פאר מיר
דעם צוים אַוועקגעוואָרפען:
12 אויף מיינע רעכטע האנד שטייען
דיא פרעכע יונגען אויף, זייא שטויסען
מיך אַוועק מיט דיא פיס, זייא מאַכען
איבער מיר הויכע וועגען פון זייער
ברעכענים:
13 זייא האבען אָפּגעבראָכען מיינע
שטעגען, זייא האבען נאָך געהאָלפען
מיין אומגליק, זייא האבען ניט קיין
העלפער:
14 זייא זענען איבער מיר געקומען
אזוי וויא אַ ברייטער בראַך פון אַ
פערפליידונג, אונטער דער פערוויסטונג
האבען זייא זיך אויף מיר געוואַלגערט:
15 אַ שרעקעניס האט זיך איבער
מיר געקעהרט, זייא יאַגען מיך נאָך
אזוי וויא אַ שטורמווינד, אונד אזוי
וויא אַ וואָלקען פאהרט איבער אזוי
איז מיינע הילף איבערגעפאהרען:
16 אָבער אצונד האט זיך מיין נפש
איבער מיר אויסגעגאָסען, דיא טעג
פון מיין עלענד האבען מיך אָנגע־
האפט:
17 בייא נאַכט זענען מיינע ביינער
אין מיר דורכגעשטאָכען, אונד מיינע
אָדערן ליעגען זיך ניט אַנידער:
18 דורך דיא פילע קראַנקהייט זענען
אפילו מיינע קליידער פערוועקסעלט,
עס גאַרטעלט מיך אַרום אזוי וויא דיא
עפענונג פון מיין ראָק:
19 ער האט מיך אַריינגעוואָרפען אין
דעם ליים, אונד איך בין געגליכען צו
שטויב אונד אַש:
20 איך שרייא צו דיר אָבער דוא
ענטפערסט מיר ניט, איך שטייא אויף
אָבער דוא טראַכטסט ניט אויף מיר:
21 דוא ביזט פערקעהרט געוואָרען
צו מיר וויא איין אומדערבאַרמדיגער,
מיט דיינע שטאַרקע האַנד טהוסט
דוא מיך האסען:
22 דוא האסט מיך אויפגעהויבען צו
דעם ווינד, דוא האסט מיך געמאַכט
רייטען, אונד דיא הילף איז פון מיר
צוגאַנגען (צושמאָלצען געוואָרען):
23 וואָרין איך ווייס אַז דוא וועסט
מיך צוריקקעהרען צום טויט, אונד צו
דעם הויז וואָס איז בעשטימט פאַר
אַלע לעבעדיגע:
24 אָבער ער וועט ניט אויסשטרעקען
זיינע האנד צו דיא (וואָס זענען אין
דיא) גרוב, חאטשע זייא שרייען אין
דער פערדאַרבעניס:
25 האב איך ניט געוויינט פאַר דעם
וואָס האט געהאט האַרטע טעג? האט
ניט מיין נפש געטרויערט וועגען דעם
אָרעמען?
26 ווען איך האב געהאפט אויף
גוטעס, אזוי איז שלעכטעס אָנגעקומען,
אונד ווען איך האב געהאפט אויף
ליכט, אזוי איז פינסטערניס אָנגע־
קומען:
27 מיינע געדערים זענען דערהיצט

גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאבֶּען נִיט שְׁטִיל גֶע־
שְׁווִיגֶען, דִיא טֶעג פוּן מֵיין עֶלֶענְד
הָאבֶּען מִיךְ גֶעפֶּערְדֶערְט :

28 אִיךְ בִּין פֶערשְׁוַוארְצְטֶער־הֵייט
אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אָבֶּער נִיט פוּן דֶער זוּן,
אִיךְ בִּין אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער פֶערְ־
זַאמְלוּנְג אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיגֶען :

92 אִיךְ בִּין אַ בְּרוּדֶער צוּ דִיא
דְרַאכֶען־שְׁלַאנְגֶען, אוּנְד אַ חַבֵר צוּ
דִיא יוּנְגֶע שְׁטְרוֹיסֶען :

30 מֵיינֶע הוֹיט אִיז שְׁוַוארְץ אוֹיף מִיר,
אוּנְד מֵיינֶע בֵּיינֶער זֶענֶען פֶערבְּרֶענְט
דוּרְךְ דֶער הִיץ :

31 אוּנְד מֵיינֶע הַארְף אִיז פֶערְקֶעהְרְט
גֶעוָוארֶען צוּ אַ קְלָאג, אוּנְד מֵיינֶע
פִידֶעל צוּ אַ קוֹל פוּן וֵויינֶען :

קאפיטעל לא

1 אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט אַ בְּרִית מִיט
מֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד פַארְוָואס זָאל אִיךְ
נָאךְ טְרַאכְטֶען אוֹיף אַ בְּתוּלָה ?

2 אוּנְד וָואס פַאר אַ חֵלֶק פוּן גָאט
אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען פוּן
אוֹיבֶּען ? אוּנְד וָואס פַאר אַ נַחֲלָה
פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען פוּן דֶער הֵייךְ ?

3 אִיז נִיט דֶער בְּרָאךְ בֶּעשְׁטִימְט פַאר
דֶעם אוּנְגֶערֶעכְטֶען? אוּנְד אַ פְרֶעמְדֶע
שְׁטְרָאף) צוּ דִיא וָואס טְהוּן אוּמְ־
רֶעכְט ?

4 מְהוּט עֶר דֶען נִיט זֶעהֶען מֵיינֶע
וֶועגֶען ? אוּנְד צֵיילְט עֶר דֶען נִיט
אַלֶע מֵיינֶע טְרִיט ?

5 אוֹיבּ אִיךְ בִּין אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין
פַאלְשְׁקֵייט, אָדֶער אוֹיבּ מֵיין פוּס הָאט
גֶעאֵיילְט צוּ בֶּעטְרִיגֶערֵייא :

6 אַזוֹי לָאז מִיךְ גֶעווָאוֹיגֶען וֶוערֶען
אִין גֶערֶעכְטֶע וָואגְשָׁאלֶען, אוּנְד לָאז
גָאט דֶערְקֶענֶען מֵיינֶע גַאנְצְהֵייט :

7 וֶוען מֵיינֶע טְרִיט הָאבֶּען זִיךְ אָפְּ־
גֶענֵייגְט פוּן דֶעם וֶועג, אוּנְד וֶוען
מֵיינֶע אוֹיגֶען וָואלְטֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען
נָאךְ מֵיין הַארְץ, אָדֶער עֶס וָואלְט זִיךְ
בֶּעהֶעפְט צוּ מֵיינֶע הֶענְד אַ מִיאוּסֶע
זַאךְ :

8 אַזוֹי לָאז מִיךְ זֵייעֶן כְּדֵי אֵיין
אַנְדֶערֶער זָאל עֶסֶען, אוּנְד לָאזֶען דִיא
וָואס גֵייעֶן פוּן מִיר אַרוּיס אוֹיסְגֶע־
וָוארְצֶעלְט וֶוערֶען :

9 אוֹיבּ מֵיין הַארְץ הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט
אִיבֶּערְרֶעדֶען פוּן אַ פְרוֹיא, אָדֶער אוֹיבּ
אִיךְ הָאבּ גֶעלוֹיעֶרְט אוֹיף מֵיין חַבֵר'ס
טִיעֶר :

10 אַזוֹי זָאל מֵיין וַוייבּ מָאלֶען צוּ
אֵיין אַנְדֶערְן, אוּנְד לָאזֶען זִיךְ אַנְדֶערֶע
אִיבֶּער אִיהְר אַנִידֶערְבֵּייגֶען :

11 וָוארִין דָאס זֶענֶען שְׁלֶעכְטֶע גֶע־
דַאנְקֶען (זַאכֶען), אוּנְד עֶס אִיז אֵיין
אוּמְרֶעכְט גֶעשְׁטְרָאפְט צוּ וֶוערֶע פוּן
דִיא שׁוֹפְטִים :

12 וָוארִין דָאס אִיז (וִויא) אַ פֵייעֶר
וָואס פֶערבְּרֶענְט בִּיז צוּ דֶעם פֶערְ־
לוֹירֶען וֶוערֶען, אוּנְד וָואס טְהוּט
אוֹיסְוָורְצֶעלְן מֵיין גַאנְצֶעס אֵיינְקוּמֶען :

13 אוֹיבּ אִיךְ טְהוּא פֶערַאכְטֶען דָאס
מִשְׁפָּט פוּן מֵיין קְנֶעכְט אָדֶער פוּן
מֵיינֶע דִינְסְט־מוֹיד, וֶוען זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ מִיט מִיר גֶעקְרִיגְט :

14 אוּנְד וָואס וֶועל אִיךְ טְהוּן וֶוען
גָאט וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין, אוּנְד וֶוען עֶר
טְהוּט שְׁטְרָאפֶען, וָואס זָאל אִיךְ אִיהְם
עֶנְטְפֶערְן ?

15 הָאט נִיט דֶער וָואס הָאט מִיךְ
בֶּעשַׁאפֶען אִין דֶעם בּוֹיךְ אוֹיךְ אִיהְם
בֶּעשַׁאפֶען ? אוּנְד הָאט אֵיינֶער אוּנְס
נִיט צוּגֶעבְּרֵייט אִין דֶעם בּוֹיךְ ?

16 אויב איך האב פערמיטען צו טהון דאס בעגעהר פון דיא אָרעמע לייט, אדער איך האב פערלענגט דיא אויגען פון דיא אלמנה :

17 אונד איך האב מיין שטיקעל ברויט אליין געגעסען, אונד דער יתום האט ניט דערפון געגעסען :

18 ווארין ער איז מיט מיר אויפגע־וואקסען פון מיין יוגענד אן, אזוי וויא ביי א פאטער, אונד פון מיין מוטער׳ס לייב אן האב איך איהם געפיהרט :

19 ווען איך האב געזעהען א פער־לוירענעם ווייל ער האט ניט קיינע קליידער, אדער איין ארעמער וואס האט זיך ניט מיט וואס צו בעדעקען :

20 ווען זיינע לענדען זענען ניט דורך מיר געבענשט געוואָרען, אונד ווען ער איז ניט ווארם געווארען פון דער וואל פון מיינע געשוירענע שאף :

21 ווען איך האב מיינע האנד אויפ־געהויבען קעגען דעם יתום, ווען איך האב געזעהען מיינע הילף אין דעם טויער :

22 אזוי זאל מיין ארעם פאלען פון דער שולטער, אונד לאז מיין ארעם פון דעם ביין אפגעבראכען ווערען :

23 ווארין דער בראך פון גאט איז צו מיר געוועזען א פארכט, אונד וועגען זיינער הויכקייט האב איך עס אויך ניט געקענט דערטראגען :

24 ווען איך האב געמאכט גאלד פאר מיינע האפענונג, אדער ווען איך האב געטראכט פיין־גאלד מיינע פער־זיכערונג צו מאכען :

25 אדער ווען איך האב מיך געפרייט מיט מיין גרויס פערמעגען, אדער ווען מיינע האנד האט פיל גוטעס געפונען (געהאט) :

26 ווען איך האב אנגענומען דאס ליכט (פון דער זון) ווען עס האט געשיינט, אדער דיא לבנה וואס איז ליכטיג אהינגעגאנגען :

27 אונד מיין הארץ איז אים פער־בארגענעם איבערעדט געווארען, אדער מיין מויל האט מיינע האנד געקישט :

28 דאס וואלט אויך געוועזען א זינד בעשטראפט צו ווערען פון דעם שופט, ווארין איך וואלט פערלייקענט גאט וואס איז אין דער הייך :

29 ווען איך העט מיך געפרייט איבער דעם אומגליק פון מיין פיינד, אדער איך העט מיך דערוועקט ווען א שלעכטע זאך העט איהם אנגע־טראפען :

30 אונד איך האב אויך ניט צוגע־געבען אז מיין גוימען זאל זינדיגען, אז איך זאל איהם אפילו ווינשען א קללה :

31 ווען דיא לייט פון מיין געצעלט העטען ניט געזאגט, הלואי העטען מיר זיין פלייש! מיר זענען ניט זאט :

32 קיין גר האט אויף דער גאס איבערגענעכטיגט, מיינע טירען זענען געוועזען אפען צום אורח :

33 ווען איך העט מיינע זינד צו־געדעקט אזוי וויא אדם (הראשון), כדי זיא צו בעהאלטען אין מיין בוזעם :

34 ווייל איך האב מורא געהאט פאר דיא גרויסע מאסע, אדער טהוט מיך דיא פעראכטונג פון משפחות דער־שרעקען, דאס איך ה״ב שטיל גע־שוויגען אונד בין ניט ארויסגעגאנגען צו דער טיער ?

35 הַלְוַאי הָעט מֶען מִיךְ צוּגֶעהֶערְט! זֶעהט, מֵיין פֶערְלַאנְגֶען אִיז דָאס דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער זָאל מִיר עֶנְטְפֶערְן, אוּנְד דֶער מַאן וָואס קְרִיגְט זִיךְ מִיט מִיר הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אַ בּוּךְ:

36 אוֹיבּ אִיךְ הָעט אִיהְם נִיט אוֹיף מֵיינֶע אַקְסֶעל גֶעטְרָאגֶען, אוּנְד אִיךְ הָעט עֶס אַנְגֶעקְנִיפְּט צוּ מִיר פַאר אַ קְרוֹין:

37 אִיךְ הָעט צוּ אִיהְם אַפִילוּ גֶעזָאגְט דִיא צָאל פוּן מֵיינֶע שְׁרִיט, אִיךְ הָעט מִיךְ צוּ אִיהְם גֶענֶעהֶנְט אַזוֹי וִויא צוּ אַיין פִירְשְׁט:

38 וֶוען מֵיין לַאנְד שְׁרֵייט קֶעגֶען מִיר, אוּנְד דִיא בֵּייטֶען (פוּן מֵיין פֶעלְד) ווֵיינֶען צוּזַאמֶען:

39 וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעסֶען פוּן זֵיינֶע פִּירוֹת אָהְן גֶעלְד, אָדֶער אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ דִיא בֶּעזִיצֶערְס דֶערְפוּן גֶעלָאזְט דִיא נְשָׁמָה אוֹיסְגֵיין:

40 אַזוֹי זָאלֶען דֶערְנֶער וַואקְסֶען אַנְשְׁטָאט וֵוייץ, אוּנְד אַנְשְׁטָאט גֶערְשְׁט שְׁטִינְקֶענְדֶעס גְרָאז, דִיא וֶוערְטֶער פוּן אִיוֹבּ זֶענֶען פֶערְלֶענְט:

קאפיטעל לב

1 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע דְרֵייא מֶענֶער הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶערְט דֶעם אִיוֹבּ צוּ עֶנְטְפֶערְן, ווֵייל עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ צַדִיק אִין זֵיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען:

2 אוּנְד עֶס הָאט דֶערְגְרִימְט דֶער צָארְן פוּן אֱלִיהוּא בֶּן בַּרַכְאֵל הַבּוּזִי פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה רָם, אִיבֶּער אִיוֹבּ הָאט זִיךְ זֵיין צָארְן דֶערְגְרִימְט, ווֵייל עֶר הָאט זִיךְ מֶעהְר גֶערֶעכְט גֶעמַאכְט דֶען גָאט:

3 אוּנְד אוֹיךְ קֶעגֶען זֵיינֶע דְרֵייא פְרֵיינְד הָאט זִיךְ זֵיין צָארְן דֶערְגְרִימְט, ווֵייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען קֵיין עֶנְטְפֶער, אוּנְד (דָאךְ) הָאבֶּען זֵייא דֶעם אִיוֹבּ בֶּעשׁוּלְדִיגְט:

4 אוּנְד אֱלִיהוּא הָאט גֶעוַוארְט בִּיז אִיוֹבּ הָאט גֶערֶעט, ווָארִין זֵייא זֶענֶען עֶלְטֶער גֶעוֶועזֶען אִין יָאהְרֶען פוּן אִיהְם:

5 אוּנְד וֶוען אֱלִיהוּא הָאט גֶעזֶעהְן אַז עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיינֶע עֶנְטְפֶער אִין דֶעם מוֹיל פוּן דִיא דְרֵייא מֶענֶער, אַזוֹי הָאט זֵיין צָארְן דֶערְגְרִימְט:

6 אוּנְד אֱלִיהוּא בֶּן בַּרַכְאֵל הַבּוּזִי, הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער יוּנְגְסְטֶער פוּן יָאהְרֶען, אוּנְד אִיהְר זֶענְט עֶלְטֶער, דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ גֶעצִיטֶערְט אוּנְד הָאבּ מוֹרָא גֶעהַאט אֵייךְ מֵיינֶע מֵיינוּנְג בֶּעקַאנְט צוּ מַאכֶען:

7 אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט, אַז טֶעג זָאלֶען רֶעדֶען, אוּנְד פִיל יָאהְרֶען זָאלֶען אֵייךְ מַאכֶען ווִיסֶען חָכְמָה:

8 אָבֶּער בֶּאֱמֶת, עֶס אִיז דָא אַ רוּחַ אִין דֶעם מֶענְשׁ, אוּנְד דִיא נְשָׁמָה פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען גִיעט זֵייא צוּ פֶערְשְׁטֵיין:

9 דִיא גְרוֹיסֶע לֵייט זֶענֶען נִיט (אִימֶער) קְלוּג, אוֹיךְ טְהוּן דִיא עֶלְטֶע נִיט פֶערְשְׁטֵיין מִשְׁפָּט:

10 דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, הֶערְט מִיךְ צוּ, אִיךְ וֶועל אֵייךְ אוֹיךְ ווֵייזֶען מֵיינֶע מֵיינוּנְג:

11 זֶעהְט, אִיךְ הָאבּ גֶעוַוארְט אוֹיף אֵייעֶרֶע וֶוערְטֶער, אִיךְ הָאבּ גֶעהָארְכְט אוֹיף אֵייעֶר פֶערְשְׁטַאנְד, בִּיז אִיהְר הָאט אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט דִיא וֶוערְטֶער:

12 אִיךְ הָאבּ אוֹיף אֵייךְ גוּט גֶעמֶערְקְט, אָבֶּער זֶעהְט, עֶס אִיז קֵיין שְׁטְרָאפֶער פֶערְהַאנְדֶען צוּ אִיוֹבּ, אָדֶער אַז אֵיינֶער



פון

פון איך זאל קענען זיינע ווערטער
ענטפערן:
13 טאמער וועט איהר זאגען, מיר
האבען געפונען חכמה, גאט האט
איהם פערשטויסען אונד ניט קיין
מענש:
14 ער האט ניט קעגען מיר זיינע
ווערטער צוגעברייט, אונד איך וועל
איהם ניט ענטפערן מיט אייערע רייד:
15 זייא זענען דערשראקען אונד זייא
האבען ניט מעהר געענטפערט, דיא
ווערטער זענען פון זייא אוועקגעריסען:
16 אונד איך האב געוואַרט, ביז
דאס זייא זאלען ניט מעהר רעדען,
ווארין זייא שטייען אונד ענטפערן ניט
מעהר:
17 אזוי וועל איך אויך מיין חלק
ענטפערן, אונד איך וועל אויך מיינע
מיינונג ווייזען לאזען:
18 ווארין איך בין פול מיט רייד,
דער גייסט דרענגט מיך אין מיין
בויך:
19 זעהט, מיין בויך איז אזוי וויא
(גייער) וויין וואס איז ניט אויפגע-
מאכט, אזוי וויא אין נייע לאגעלן
וואס ווערען צושפאלטען:
20 איך וועל אויסרעדען אזוי וועט
מיר עפעס לייכטער ווערען, איך וועל
אויפמאכען מיינע ליפען אונד איך
וועל ענטפערן:
21 לאז מיך ניט זיין א נושא פנים
פון קיין מענש, אונד איך וועל קיין
מענש ניט שמייכלען:
22 ווארין איך ווייס ניט צו שמייכלען,
(ווען איך וועל דאס טהון) אזוי וועט
מיך מיין בעשעפער באלד אוועק-
נעמען:

## קאפיטעל לג

1 אבער דארום איוב, הער דאך צו
מיינע רייד, אונד פערנעם אלע מיינע
ווערטער:
2 זעה דאך, איך האב אויפגעמאכט
מיין מויל, מיינע צונג האט גערעט
מיט מיין גומען:
3 מיינע ווערטער זאלען זיין מיט
אין אויפריכטיג הארץ, אונד מיינע
ליפען זאלען אויסרעדען ריינע ווער-
טער:
4 דער רוח פון גאט האט מיך
געמאכט, אונד דיא נשמה פון דעם
אלמעכטיגען האט מיך דערקוויקט:
5 ווען דוא קענסט מיר ענטפערן,
אזוי בערייט דיך אן פאר מיר, שטעל
דיך אויף!
6 זעה, איך בין אזוי וויא דיין מויל
צו גאט, איך בין אויך אויסגעהאקט
פון דעם ליים:
7 זעה, מיינע פארכט דערשרעקט
דיך ניט, אונד מיינע הענד זאלען ניט
אויף דיר שווער זיין:
8 אבער דוא האסט עס געזאגט אין
מיינע אויערן, אונד איך האב געהערט
א קול פון ווערטער:
9 איך בין ריין, אהן א זינד, איך בין
אומשולדיג, אונד קיין זינד איז ניט
אין מיר:
10 זעה, ער געפינט אויף מיר
בלבולים, ער רעכענט מיך פאר א
פיינד:
11 ער טהוט מיינע פיס אין א
קלאץ, ער היט אלע מיינע וועגען:
12 זעה, אין דעם דאזיגען ביזט דוא
ניט גערעכט, איך וועל דיר ענטפערן,
ווארין גאט איז גרעסער וויא א מענש:

13 פַאְרְוָואס טְהוּסְט דוּא קֶעגֶען אִיהְם שְׁטְרַייטֶען? וָוארִין עֶר טְהוּט אִין קֵיינֶערְלֵייא זַאךְ נִיט עֶנְטְפֶערְן:

14 וָוארִין גָאט רֶעט אֵיינְמָאל, אָדֶער צְוֵוייא מָאל, אוּנְד דָאךְ בֶּעמֶערְקְט עֶס קֵיינֶער נִיט:

15 אִין אַ חָלוֹם, אִין דֶעם גֶעזִיכְט בֵּייא נַאכְט, וֶוען אַ טִיפֶער שְׁלָאף פַאלְט אִיבֶּער דִיא מֶענְשֶׁען, וֶוען זֵייא דְרוּמֶעלְן אוֹיף דֶעם גֶעלֶעגֶער:

16 דֶענְסְטְמָאל מַאכְט עֶר אוֹיף דִיא אוֹיעֶרֶען פוּן דִיא מֶענְשֶׁען, אוּנְד פֶערְזִיגֶעלְט זֵייא אִין זֵייעֶרֶע בֶּעלֶעהְרוּנְגֶען:

17 כְּדֵי דֶעם מֶענְשׁ אָפְּצוּטְהוּן פוּן זֵיינֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד דִיא שְׁטָאלְצְהֵייט פוּן דֶעם מֶענְשׁ צוּ צוּדֶעקֶען:

18 אוּנְד זֵיין נֶפֶשׁ צוּרִיקְצוּהַאלְטֶען פוּן דֶעם פֶערְדַארְבֶּען, אוּנְד דָאס זֵיין לֶעבֶּען זָאל נִיט אוּמְקוּמֶען דוּרְךְ אַ פֵייל:

19 אוּנְד עֶר וֶוערְט גֶעשְׁטְרָאפְט מִיט וֵוייטָאג אוֹיף זֵיין גֶעלֶעגֶער, אוּנְד זֵיינֶע פִילֶע בֵּיינֶער מִיט שְׁטַארְקֶע שְׁמֶערְצֶען:

20 דָאס זֵיין לֶעבֶּען פֶערְעֶקֶעלְט דָאס בְּרוֹיט, אוּנְד זֵיין נֶפֶשׁ דִיא גְלוּסְטִיגֶע שְׁפֵּייז:

21 זֵיין פְלֵיישׁ וֶוערְט אָפְּגֶעצֶעהְרְט אַז עֶס קֶען נִיט גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען, אוּנְד זֵיינֶע בֵּיינֶער וָואס זֶענֶען נִיט פְרִיהֶער גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען שְׁטֶעקֶען אַרוֹיס:

22 אוּנְד זֵיין נֶפֶשׁ גֶענֶעהְנְט זִיךְ צוּ דֶער גְרוּב, אוּד זֵיין לֶעבֶּען צוּ דִיא וָואס טֵייטֶען:

23 וֶוען עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען בֵּייא אִיהְם אַ מַלְאָךְ וָואס אִיז אֵיין מֵלִיץ, אַפִילוּ אֵיינֶער פוּן טוֹיזֶענְד, כְּדֵי דֶעם מֶענְשֶׁען אָנְצוּזָאגֶען זֵיינֶע רֶעכְטְפַארְטִיגְקֵייט:

24 אַזוֹי וֶועט עֶר אִיהְם לֵייטְזֶעלִיגֶען, אוּנְד עֶר זָאגְט, דֶערְלֵייז אִיהְם, אַז עֶר זָאל נִיט אַרוּפְגֵּיין צוּ דֶער גְרוּב, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען אֵיינֶע אוֹיסְלֵייזוּנְג (אַ כַּפָּרָה):

25 זֵיין פְלֵיישׁ וֶועט פְרִישֶׁער זֵיין וִויא אִין דֶער קִינְדְהֵייט, עֶר וֶועט צוּרִיקְקוּמֶען צוּ דִיא טֶעג פוּן זֵיינֶע יוּגֶענְד:

26 עֶר וֶועט בֶּעטֶען צוּ גָאט, אוּנְד עֶר וֶועט אִיהְם בֶּעוִוילִיגֶען, עֶר וֶועט זֶעהֶען זֵיין פָּנִים מִיט אַ פְרֵיידֶענְשַׁאל, וָוארִין עֶר וֶועט צוּ דֶעם מֶענְשׁ צוּרִיקְקֶעהְרֶען זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט:

27 (וֶוען) עֶר וֶועט אוֹיף דִיא מֶענְשֶׁען קוּקֶען, אוּנְד זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ פֶערְקְרִימְט דָאס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען רֶעכְט, אוּנְד עֶס הָאט מִיר גָאר נִיט גֶענוּצְט:

28 עֶר הָאט אוֹיסְגֶעלֵייזְט זֵיין נֶפֶשׁ פוּן אַרוּפְצוּגֵיין אִין דִיא גְרוּב, אוּנְד זֵיין לֶעבֶּען וֶועט זֶעהֶען דָאס לִיכְט:

29 זֶעה, דָאס אַלֶעס טְהוּט גָאט מִיט דֶעם מֶענְשׁ, צְוֵוייא מָאל אָדֶער דְרַייא מָאל:

30 כְּדֵי זֵיין נֶפֶשׁ צוּרִיקְצוּבְּרֶענְגֶען פוּן דֶער גְרוּב, אוּנְד צוּ לֵייכְטֶען אִין דֶעם לִיכְט פוּן דֶעם לֶעבֶּען:

31 פֶערְנֶעם עֶס, אוֹי, אִיוֹב, הֶער מִיר צוּ, שְׁוֵויג שְׁטִיל, אוּנְד אִיךְ וֶועל רֶעדֶען:

32 וֶוען דוּא הָאסְט עֶפֶּעס צוּ זָאגֶען, אַזוֹי עֶנְטְפֶער מִיר, רֶעד, וָוארִין אִיךְ וִויל דִיךְ גֶערֶעכְט מַאכֶען:

33 אוּנְד וֶוען נִיט, אַזוֹי הֶער מִיךְ צוּ, שְׁוֵויג שְׁטִיל, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ לֶערְנֶען חָכְמָה:

## קאפיטעל לד

1 אוּנְד אֱלִיהוּא הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט:

2 הֶערְט צוּ מֵיינֶע וֶוערְטֶער, אִיר חֲכָמִים, אוּנְד פֶערְנֶעמְט עֶס אִיהְר פֶערשְׁטֶענְדִיגֶע:

3 וָוארִין דָאס אוֹיעֶר פְּרִיפְט דִיא וֶוערְטֶער, אַזוֹי וִויא דֶער גוֹימֶען פֶער־זוּכְט דָאס עֶסֶען:

4 לָאמֶער צוּ אוּנְס אוֹיסְדֶערְוֶוייהלֶען דָאס מִשְׁפָּט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען וִויסֶען אוּנְד פֶערשְׁטֵיין וָואס אִיז גוּט:

5 וָוארִין אִיוֹב הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין גֶערֶעכְט, אוּנְד גָאט הָאט אָפְּגֶעטְהוּן מֵיין מִשְׁפָּט:

6 זָאל אִיךְ קֶענֶען מֵיין מִשְׁפָּט לֵייקֶר־נֶען? מֵיינֶע פֵיילֶען (וְואוּנְדֶען) זֶענֶען נִיט אוֹיסְצוּהֵיילֶען, אוּנְד דָאךְ אָהְן זִינְד:

7 וֶוער אִיז אַזוֹי אַ מֶענְשׁ וִויא אִיוֹב, וָואס טְרִינְקְט שְׁפָּאט אַזוֹי וִויא וַואסֶער?

8 וָואס גֵייט אַרוּם אִין דֶער חֶבְרָה פוּן דִיא וָואס טְהוּעֶן אוּמְרֶעכְט, אוּנְד גֵייט אוּם מִיט שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען:

9 וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאגְט, עֶס נִיצְט דֶעם מֶענְשׁ גָארְנִיט וֶוען עֶר הָאט אִין גָאט אַ וְואוֹילְגֶעפַאלֶען:

10 דַארוּם הֶערְט צוּ צוּ מִיר, אִיהְר פֶערשְׁטֶענְדִיגֶע מֶענְשֶׁען, (חָלִלָה) עֶס אִיז פֶערְמִיטֶען פוּן גָאט אַז עֶר זָאל שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן, אָדֶער דָאס דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט זָאל אוּמְרֶעכְט טְהוּן:

11 וָוא דָאס וָואס אַ מֶענְשׁ טְהוּט דָאס בֶּעצָאלְט עֶר אִיהְם, אוּנְד אַזוֹי וִויא אַ מֶענְשֶׁענְ'ס וֶועג אִיז אַזוֹי מַאכְט עֶר אִיהְם גֶעפִינֶען:

12 אָבֶּער בְּאֱמֶת, גָאט וֶועט קֵיין רִשְׁעַת טְהוּן, אוּנְד דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער וֶועט נִיט פֶערקְרִימֶען דָאס מִשְׁפָּט:

13 וֶוער הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט אַ בֶּע־פֶעהְלֶער אִיבֶּער דִיא עֶרְד? אוּנְד וֶוער הָאט דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט גֶעמַאכְט?

14 וֶוען עֶר (גָאט) טְהוּט זֵיין הַארְץ אוֹיף אִיהְם (דֶעם מֶענְשׁ), אוּנְד צוּ זִיךְ צוּרִיקְנֶעמֶען זֵיין גֵייסְט אוּנְד זֵיינֶע נְשָׁמָה:

15 אַזוֹי וֶועלֶען אַלֶע מֶענְשֶׁען צוּ־זַאמֶען פֶערְגֵיין, אוּנְד דֶער מֶענְשׁ וֶועט צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דֶעם שְׁטוֹיבּ:

16 אוּנְד וֶוען דוּא הָאסְט פֶערשְׁטַאנְד, אַזוֹי הֶער צוּ דָאס דָאזִיגֶע, פֶערְנֶעם דָאס קוֹל פוּן מֵיינֶע וֶוערְטֶער:

17 זָאל דֶען דֶער וָואס הָאט פֵיינְד דָאס מִשְׁפָּט פֶערְבִּינְדֶען? אָדֶער וִוילְסְט דוּא דֶעם גַאנְץ גֶערֶעכְטֶען בֶּעשׁוּלְ־דִיגֶען?

18 (אִיז עֶס רֶעכְט) צוּ זָאגֶען צוּ אַ מֶלֶךְ, דוּא בִּיזְט שְׁלֶעכְט? אָדֶער צוּ דִיא פְּרִינְצֶען, רָשָׁע?

19 מִכָּל שֶׁכֵּן אוֹיף דֶעם וָואס אִיז נִיט אַ נוֹשֵׂא פָּנִים, אַפִילוּ פוּן פִּירְשְׁטֶען, אוּנְד עֶר דֶערְקֶענְט דֶעם רֵייכֶען נִיט מֶעהְר וִויא דֶעם אָרֶעמֶען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען אַלֶע דָאס וֶוערְק פוּן זֵיינֶע הֶענְד:

20 זֵייא שְׁטַארְבֶּען אִין אֵיינֶע רֶגַע, אוּנְד אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶער נַאכְט צִיטֶערְט דָאס פָאלְק, אוּנְד זֵייא גֵייעֶן פַארְאִיבֶּער, אַפִילוּ דִיא שְׁטַארְקֶע וֶוערֶען אַוֶועקְגֶענוּמֶען אָהְן אַ הַאנְד:

21 וָוארִין זֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אוֹיף דִיא וֶועגֶען פוּן דֶעם מֶענְשׁ, אוּנְד עֶר זֶעהְט אַלֶע זֵיינֶע שְׁרִיט:

22 עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנְדֶען קֵיינֶע פִינְסְטֶערְנִיס אָדֶער טוֹיט שָׁאטֶען אַוְואוּ דִיא וָואס טְהוּעֶן אוּמְרֶעכְט קֶענֶען זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען׃
23 וָוארִין עֶר טְהוּט נִיט מֶעהְר אוֹיפְ־לֵייגֶען אוֹיף אַ מֶענְשׁ ווִיא עֶר קֶען טְרָאגֶען, אַז עֶר זָאל גֵיין מִיט גָאט צוּ מִשְׁפָּט׃
24 עֶר צוּבְּרֶעכְט אֲפִילוּ דִיא שְׁטַארְקֶע אָהְן אוֹיסְפָארְשׁוּנְג, אוּנְד עֶר שְׁטֶעלְט אוֹיף אַנְדֶערֶע אִין זֵייעֶר שְׁטֶעל׃
25 דַארוּם דֶערְקֶענְט עֶר זֵייעֶרֶע אַרְ־בֵּייט, אוּנְד עֶר קֶעהְרְט זֵייא אִיבֶּער אִין דֶער נַאכְט אוּנְד זֵייא וֶוערֶען צוּ־שְׁטוֹיסֶען׃
26 עֶר צוּקְלַאפְּט זֵייא אוּנְטֶער דִיא רְשָׁעִים אִין דֶעם אָרְט וְואוּ מֶען קֶען זֶעהֶען׃
27 דֶערְוֵויל זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַוֶועקְ־גֶעקֶעהְרְט פוּן הִינְטֶער אִיהְם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט בֶּעמֶערְקֶען אַלֶע זֵיינֶע וֶועגֶען׃
28 כְּדֵי דָאס גֶעשְׁרֵייא פוּן דֶעם אָרֶעמֶען זָאל פַאר אִיהְם גֶעבְּרֶענְגְט וֶוערֶען, אוּנְד אַז עֶר זָאל הֶערֶען דָאס גֶעשְׁרֵייא פוּן דִיא עֶלֶענְדֶע׃
29 וֶוען עֶר גֶעט שְׁטִילְקֵייט, וֶוער קֶען דֶען בֶּעשׁוּלְדִיגֶען? וֶוען עֶר בֶּעהַאלְט דָאס פָּנִים, וֶוער קֶען אִיהְם אָנְקוּקֶען? אוֹיבּ עֶס אִיז קֶעגֶען אַ פָאלְק אָדֶער קֶעגֶען אֵיין מֶענְשׁ אִיז עֶס אַלֶעס אֵיינְס׃
30 אַז קֵיין חָנֵף זָאל נִיט רֶעגִירֶען כְּדֵי דָאס פָאלְק זָאל נִיט גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען׃
31 וָוארִין עֶס אִיז רָאוּי, אַז מֶען זָאל זָאגֶען צוּ גָאט, אִיךְ הָאבּ דֶערְטְרָאגֶען דִיא יְסוּרִים, אִיךְ וֶועל נִיט פֶערְדַארְבֶּען׃
32 וָואס אִיךְ זֶעה נִיט, זָאלְסְט דוּא מִיךְ בֶּעלֶעהְרֶען, וֶוען אִיךְ הָאבּ אוּמְ־רֶעכְט גֶעטְהוּן, אַזוֹי וֶועל אִיךְ עֶס נִיט מֶעהְר טְהוּן׃
33 זָאל עֶס דֶען זֵיין נָאךְ דֵיינֶע מֵיינוּנְג? עֶר וֶועט עֶס בֶּעצָאלֶען, אוֹיבּ דוּא טְהוּסְט עֶס פֶערְאַכְטֶען אָדֶער אוֹיבּ דוּא וֶועסְט עֶס אוֹיסְדֶערְוֶוילֶען, אוּנְד נִיט אִיךְ; אָבֶּער רֶעד וָואס דוּא ווֵייסְט׃
34 לָאזֶען דִיא פֶערשְׁטֶענְדִיגֶע לֵייט עֶס צוּ מִיר זָאגֶען, אוּנְד לָאז אַ קְלוּגֶער מַאן מִיךְ צוּהֶערֶען׃
35 אִיוֹב הָאט אָהְן ווִיסֶענְשַׁאפְט גֶערֶעט, אוּנְד זֵיינֶע וֶוערְטֶער זֶענֶען אָהְן שֵׂכֶל׃
36 מֵיין ווִילֶען אִיז אַז אִיוֹב זָאל אוֹיף אֵייבִּיג גֶעפְּרִיפְט וֶוערֶען, כְּדֵי עֶס זָאל זֵיין אַ תְּשׁוּבָה צוּ דִיא אוּמְגֶע־רֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען׃
37 וָוארִין עֶר פֶערְמֶעהְרְט זִינְד אוֹיף זִינְד, אוּנְד קְלַאטְשְׁט דִיא הֶענְד צְווִישֶׁען אוּנְס, אוּנְד עֶר פֶערְמֶעהְרְט זֵיינֶע רֵייד צוּ גָאט׃

## קאפיטעל לה.

1 אוּנְד אֱלִיהוּא הָאט (ווֵייטֶער) גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד גֶעזָאגְט׃
2 מֵיינְסְט דוּא דֶען אַז דָאס דָאזִיגֶע אִיז רֶעכְט, דָאס דוּא זָאגְסְט, אִיךְ בִּין גֶערֶעכְטֶער פוּן גָאט?
3 וָוארִין דוּא זָאגְסְט, וָואס וֶועט עֶס דִיר נוּצֶען? אוּנְד וָואס וֶועט עֶס מִיר הֶעלְפֶען וֶוען אִיךְ טְהוּא מִיךְ רֵיינִיגֶען פוּן מֵיינֶע זִינְד?
4 אִיךְ וֶועל דִיר אַ וָוארְט עֶנְטְפֶערֶען, אוּנְד דֵיינֶע פְרֵיינְד מִיט דִיר׃

5 קוּק צוּ דֶעם הִימֶעל אוּנְד זֶעה, אוּנְד קוּק אוֹיף דִיא וָואלְקֶען וָואס זֵייא זֶענֶען הֶעכֶער וִויא דוּא :

6 וֶוען דוּא זִינְדִיגְסְט, וָואס טְהוּסְט דוּא קֶעגֶען אִיהְם ? אָדֶער וֶוען דֵיינֶע זִינְד זֶענֶען פֶערְמֶעהְרְט, וָואס טְהוּסְט דוּא צוּ אִיהְם ?

7 אוּנְד וֶוען דוּא בִּיזְט גֶערֶעכְט וָואס גֶעסְט דוּא צוּ אִיהְם ? אָדֶער וָואס נֶעמְט עֶר אָן פוּן דֵיינֶע הַאנְד ?

8 דֵיין רִשְׁעַת מֶעג אַ שָׁאדֶען טְהוּן צוּ אַ מֶענְשׁ גְלֵייך אַזוֹי וִויא דוּא בִּיזְט, אוּנְד דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט מֶעג נִיצֶען צוּ אַ בֶּן־אָדָם :

9 פוּן וֶועגֶען פִיל רוֹיבֶּערֵייא שְׁרֵייעֶן זֵייא, יוֹא, זֵייא שְׁרֵייעֶן אוֹיס פוּן וֶועגֶען דֶעם שְׁטַארְקֶען אָרֶעם :

10 אָבֶּער קֵיינֶער זָאגְט, וְואוּ אִיז גָאט, מֵיין בֶּעשֶׁעפֶּער, דֶער וָואס גֶעט גֶעזַאנְג אִין דֶער נַאכְט :

11 דֶער וָואס לֶעהְרְט אוּנְס מֶעהְר וִויא דִיא בְּהֵמוֹת (חַיוֹת) פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד וָואס מַאכְט אוּנְס קְלוּגֶער וִויא דִיא פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל :

12 זֵייא שְׁרֵייעֶן דָארְטֶען, אָבֶּער קֵיינֶער עֶנְטְפֶערְט נִיט, פוּן וֶועגֶען דֶער שְׁטָאלְצְהֵייט פוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען :

13 בֶּאֱמֶת, גָאט קֶען נִיט צוּהֶערֶען פַאלְשְׁקֵייט, אוּנְד דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער וֶועט עֶס נִיט אָנְקוּקֶען :

14 חָאטְשֶׁע דוּא זָאגְסְט, דוּא וֶועסְט אִיהְם נִיט אָנְקוּקֶען, דָאךְ אִיז דֶער דִין פַאר אִיהְם, דַארוּם זָאלְסְט דוּא צוּ אִיהְם הָאפֶּען

15 אָבֶּער אַצוּנְד, וֵוייל עֶס אִיז נִיט אַזוֹי, הָאט זֵיין צָארְן בֶּעשְׁטְרָאפְט, אוּנְד דָאךְ וֵוייס עֶר עֶס נִיט אִין דֶער גְרוֹיסֶער אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהֵייט :

16 אוּנְד אִיוֹב הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט זֵיין מוֹיל צוּ נַארִישְׁקֵייט, עֶר פֶערְמֶעהְרְט וֶוערְטֶער אָהְן פֶערְשְׁטַאנְד :

קאַפִּיטֶעל לו

1 אוּנְד אֱלִיהוּא הָאט נָאכְאַמָאל גֶעזָאגְט :

2 וַוארְט מִיר נָאר אַ בִּיסֶעלֶע, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר וֵוייזֶען אַז עֶס אִיז נָאךְ פֶערְהַאנְדֶען פוּן גָאט וֶוערְטֶער צוּ רֶעדֶען :

3 אִיךְ וֶועל דֶערְהֵייבֶּען מֵיינֶע וִויסֶענְשַׁאפְט פוּן וֵוייטֶען, אוּנְד צוּ מֵיין בֶּעשֶׁעפֶּער וֶועל אִיךְ רֶעכְט גֶעבֶּען :

4 וָוארִין בֶּאֱמֶת, מֵיינֶע רֵייד זֶענֶען נִיט פַאלְשׁ, דֶער וָואס וֵוייסְט גַאנְץ גוּט אִיז מִיט דִיר :

5 זֶעה, גָאט אִיז מֶעכְטִיג, אוּנְד עֶר פֶערְאַכְטֶעט קֵיינֶעם נִיט, עֶר אִיז מֶעכְטִיג אִין כּוֹחַ אוּנְד הַארְץ :

6 עֶר לָאזְט נִיט לֶעבֶּען דֶעם רָשָׁע, אָבֶּער צוּ דֶעם אָרֶעמֶען גֶעט עֶר (אַ רֶעכְט) מִשְׁפָּט :

7 עֶר נֶעמְט נִיט אַוֶועק פוּן דֶעם צַדִיק זֵיינֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער זֵייא זֶענֶען מִיט דִיא מְלָכִים אוֹיף דֶעם טְרוֹין־שְׁטוּל, עֶר לָאזְט זֵייא בְּלֵייבֶּען אוֹיף אֵייבִּיג, אוּנְד עֶר דֶערְהֵייבְּט זֵייא :

8 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעבּוּנְדֶען אִין קֵייטֶען, אוּנְד זֵייא וֶוערֶען גֶעבּוּנְדֶען מִיט דִיא שְׁטְרִיק פוּן פֵּיין :

9 אַזוֹי וֵוייזְט עֶר צוּ זֵייא זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד זֵייעֶרֶע זִינְד וֵוייל זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גְרוֹיס גֶעמַאכְט :

10 עֶר מַאכְט אוֹיף זֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען צוּ (הֶערֶען) מוּסָר, אוּנְד עֶר זָאגְט אַז זֵייא



זָאגֶען

זָאלֶען זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען פוּן זֵיירֶע
זִינְד:
11 וָוען זֵייא וָועלֶען אִיהְם גֶעהָארְכֶען
אוּנְד וָועלֶען אִיהְם דִינֶען אַזוֹי וָועלֶען
זֵייא פֶערְלֶענְדֶען זֵיירֶע טֶעג אִין גוּטֶען,
אוּנְד זֵיירֶע יָאהְרֶען אִין זִיסְקֵייט:
12 אָבֶּער וָוען זֵייא וָועלֶען אִיהְם נִיט
גֶעהָארְכֶען, אַזוֹי וָועלֶען זֵייא אוּמְקוּמֶען
דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד זֵייא וָועלֶען
פֶערְגֵיין (שְׁטַארְבֶּען) אָהְן שֵׂכֶל:
13 אָבֶּער דִיא הֵייכְלֶער פוּן הַארְץ,
זֵייא טְהוּן אָנְלֵייגֶען דֶעם צָארְן, זֵייא
שְׁרֵייעֶן נִיט אַפִילוּ וָוען עֶר בִּינְט זֵייא:
14 זֵייא שְׁטַארְבֶּען יוּנְגֶערְהֵייט, אוּנְד
זֵייעֶר לֶעבֶּען אִיז מִיט דִיא אוּמְרֵיינֶע
אִין זְנוּת:
15 עֶר בֶּעפְרֵייט דֶעם עֶלֶענְדֶען אִין
זַיין עֶלֶענְד, אוּנְד עֶר מַאכְט אוֹיף
זֵייעֶר אוֹיעֶר אִין דֶער אוּנְטֶערְדְרִיקוּנְג:
16 אוּנְד עֶר הָאט דִיךְ נָאךְ אַרוֹיס־
גֶעפִיהְרְט פוּן דֶער צָרָה אִין אַ בְּרֵייטֶען
אָרְט, וָואוּ עֶס אִיז נִיט קֵיינֶע עֶנְגְשַׁאפְט
אוּנְטֶער אִיהְר, אוּנְד דוּא וֶועסְט נָאךְ
הָאבֶּען נַחַת וָוען דֵיין טִישׁ וָועט זַיין
פוּל מִיט פֶעטְקֵייט:
17 אָבֶּער דוּא הָאסְט דֶערְפִילְט דֶעם
דִין פוּן דֶעם רָשָׁע, אַזוֹי וָועט דִיךְ
אוֹיךְ דֶער דִין אוּנְד דָאס מִשְׁפָּט
אוּנְטֶערְלֶעהְגֶען:
18 וַוייל עֶס אִיז דָא צָארְן, (אַזוֹי הִיט
דִיךְ) אַז דוּא זָאלְסְט נִיט אַוֶועקְגֶענוּמֶען
וָוערֶען מִיט אַ שְׁלַאק, וָוארִין אַפִילוּ
אַ גְרוֹיסֶע אוֹיסְלֵייזוּנְג וָועט דִיךְ נִיט
דֶערְפוּן קֶענֶען אָפְּנֵייגֶען:
19 זָאל עֶר דֶען שַׁאצֶען דֵיין רֵייכְ־
טוּם? נֵיין, קֵיין שׁוּם גָאלְד אוּנְד קֵיין
שׁוּם כֹּחַ:
20 דוּא זָאלְסְט נִיט גְלוּסְטֶען צוּ
דֶער נַאכְט, וָואוּ פֶעלְקֶער קוּמֶען
אַרוֹיף אִין זֵייעֶר שְׁטֶעל:
21 אַזוֹי הִיט דִיךְ, אַז דוּא זָאלְסְט
דִיךְ נִיט קֶעהְרֶען צוּ אוּמְרֶעכְט, וָוארִין
דוּא הָאסְט דָאס דָאזִיגֶע אוֹיסְדֶערְוֶוייהְלְט
מֶעהְר וִויא דָאס עֶלֶענְד:
22 זֶעה, גָאט דֶערְהֵייבְּט מִיט זַיין
כֹּחַ, וֶוער לֶעהְרְט אַזוֹי וִויא עֶר
טְהוּט?
23 וֶוער הָאט זַיין וֶועג אִיבֶּער אִיהְם
בֶּעפוֹילֶען? אָדֶער וֶוער קֶען זָאגֶען,
דוּא הָאסְט אוּמְרֶעכְט גֶעטְהוּן?
24 גֶעדֶענְק דָאס דוּא זָאלְסְט דֶערְ־
הֵייבֶּען זֵיינֶע וֶוערְק, וָואס מֶענְשֶׁען
קוּקֶען אָן:
25 אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ קֶען עֶס זֶעהֶען,
דֶער מֶענְשׁ קוּקְט עֶס אָן פוּן וַוייטֶען:
26 זֶעהְט, גָאט אִיז דֶערְהֵייבְּט, אָבֶּער
מִיר קֶענֶען אִיהְם נִיט, דִיא צָאל פוּן
זֵיינֶע יָאהְרֶען קֶענֶען אוֹיךְ נִיט אַמָאל
אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט וָוערֶען:
27 וָוארִין עֶר צִיהְט אַרוֹיף דִיא
קְלֵיינֶע טְרָאפֶּען וַואסֶער, אוּנְד זֵייא
רִינֶען אַרוּפ רֶעגֶען פוּן זֵיינֶע גֶעפֶּל:
28 וָואס דִיא וָואלְקֶען רִינֶען, אוּנְד
טְרִיפֶען אַרוּפ פִיל אִיבֶּער דִיא מֶענְ־
שֶׁען:
29 יוֹא, קֶען דֶען אִימֶעצֶער פֶערְשְׁטֵיין
דִיא אוֹיסְשְׁפְּרֵייטוּנְג פוּן דִיא וָואלְקֶען,
אָדֶער דֶעם לַארְם פוּן זֵיינֶע בֵּיידֶעל?
30 זֶעהְט, עֶר שְׁפְּרֵייט דַארִיבֶּער אוֹיס
זַיין לִיכְט, אוּנְד עֶר דֶעקְט צוּ דִיא
וָוארְצֶעלְן פוּן דֶעם יַם:
31 וָוארִין דוּרְךְ זֵייא רִיכְטֶעט עֶר
פֶעלְקֶער, עֶר גֶעט צוּ זֵייא פִילֶע שְׁפֵּייז:
32 מִיט בֵּיידֶע הֶענְד בֶּעדֶעקְט עֶר


דאס

דָאס לִיכְט, אוּנְד עֶר בֶּעפֶעהְלְט אַז עֶס
זָאל נִיט שֵׁיינֶען דוּרְךְ דֶעם בֶּעגֶעגְנֶען
(פוּן דֶעם וָואלְקֶען) :
33 עֶר בֶּעוֵוייזְט אִיבֶּער אִיהְם זַיין
דָאנֶער, אֲפִילוּ אִיבֶּער דִיא בְּהֵמוֹת
אִיבֶּער װֶעלְכֶע עֶס קוּמְט אַרוֹיף :

קאפיטעל לז

1 אוֹיךְ אִיבֶּער דֶעם צִיטֶערְט מֵיין
הַארְץ, אוּנְד עֶס אִיז אַװֶעקְגֶערִיקְט פוּן
זַיין אָרְט :
2 הֶערְט גוּט צוּ צוּ דֶעם שְׁטְרָאם פוּן
זַיין קוֹל, אוּנְד צוּ דִיא װֶערְטֶער וָואס
גֵייעֶן אַרוֹיס פוּן זַיין מוֹיל :
3 מֶען זֶעהְט עֶס אוּנְטֶער דֶעם
גַאנְצֶען הִימֶעל, אוּנְד זַיין בְּלִיץ אוֹיף
(אַלֶע) עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד :
4 נָאךְ דֶעם (בְּלִיץ) הֶערְט מֶען אַ
קוֹל, עֶר לָאזְט דָאנֶערְן דוּרְךְ דֶעם קוֹל
פוּן זַיינֶער הוֹיכְהֵייט, אוּנְד עֶר טְהוּט
עֶס נִיט אֵיינְהַאלְטֶען װֶען זַיין קוֹל
װֶערְט גֶעהֶערְט :
5 גָאט לָאזְט וְואוּנְדֶערְלִיךְ דָאנֶערְן
דוּרְךְ זַיין קוֹל, עֶר טְהוּט גְרוֹיסֶעס,
אוּנְד מִיר װֵייסֶען עֶס נִיט :
6 וָוארִין עֶר זָאגְט צוּ דֶעם שְׁנֵייא,
זַייא דוּא אוֹיף דֶער עֶרְד! אוֹיךְ צוּ
דֶעם שְׁפְּרֵייא־רֶעגֶען, אוּנְד צוּ זַיין
שְׁטַארְקֶען גָאס־רֶעגֶען :
7 עֶר פֶערְחַתְמֶת דִיא הַאנְד פוּן
אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ, כְּדֵי אַלֶע מֶענְשֶׁען
זָאלֶען װִיסֶען זַיינֶע מַעֲשִׂים :
8 אַז דִיא װִילְדֶע חַיוֹת גֵייעֶן אַרֵיין
אִין זַיירֶע בֶּעהַאלְטֶענֶעס, אוּנְד זַייא
בְּלֵייבֶּען אִין זַיירֶע עֶרְטֶער :
9 אוֹיס דֶעם חֶדֶר קוּמְט דֶער שְׁטָארְמְ־
װִינְד, אוּנְד פוּן דֶער צוּשְׁטְרֵייטֶען
צָפוֹן־זַייט דִיא קֶעלְט :
10 דוּרְךְ דֶעם אָטֶעם פוּן גָאט קוּמְט
דִיא קֶעלְט, אוּנְד דִיא בְּרֵייטֶע וַואסֶערְן
װֶערֶען עֶנְג (גֶעפְרוֹירֶען) :
11 יוֹא, אוֹיךְ דוּרְךְ פִילֶע (וַואסֶערְן)
אִיז עֶר מַטְרִיחַ דִיא וָואלְקֶען, עֶר
צוּשְׁפְּרֵייט דִיא וָואלְקֶען מִיט זַיין
לִיכְט :
12 אוּנְד עֶר דְרֵייט זֵייא אַרוּם אוּנְד
אַרוּם נָאךְ זַיינֶע עֵצוֹת, כְּדֵי זֵייא
זָאלֶען טְהוּן אַלֶעס וָואס עֶר בֶּעפֶעהְלְט
אוֹיף דֶער גַאנְצֶער װֶעלְט :
13 עֶנְטְװֶעדֶער עֶס אִיז אַלְס אַ רוּט,
אָדֶער (אַלְס רֶעגֶען) צוּ זַיין לַאנְד,
אָדֶער עֶס זָאל גֶעפִינֶען װֶערֶען פַאר אַ
חֶסֶד :
14 פֶערְנֶעם דָאךְ דָאס דָאזִיגֶע, אִיוֹב!
שְׁטֵייא שְׁטִיל אוּנְד בֶּערַאכְט דָאךְ דִיא
וְואוּנְדֶער פוּן גָאט :
15 װֵייסְט דוּא װֶען וִויא גָאט הָאט
זֵייא בֶּעשְׁטִימְט, אוּנְד וִויא עֶר הָאט
גֶעלָאזְט דָאס לִיכְט (דֶעם בְּלִיץ) לֵייכְ־
טֶען אִין זַיינֶע וָואלְקֶענְס ?
16 װֵייסְט דוּא װֶען וִויא אַזוֹי דִיא
וָואלְקֶען שְׁװֶעבֶּען, דִיא וְואוּנְדֶערְלִיכֶע
מַעֲשִׂים וָואס זֶענֶען פוּלְקוֹמֶען אִין
װִיסֶענְשַׁאפְט ?
17 וִויא אַזוֹי דֵיינֶע קְלֵיידֶער זֶענֶען
וַוארְם, װֶען עֶר שְׁטִילְט דִיא עֶרְד דוּרְךְ
דֶעם דָרוֹם־װִינְד ?
18 הָאסְט דוּא דֶען מִיט אִיהְם אוֹיסְ־
גֶעשְׁפַּאנְט דֶעם הִימֶעל, וָואס אִיז
שְׁטַארְק פֶעסְט אוּנְד אַזוֹי וִויא אַ גֶע־
גָאסֶענֶער שְׁפִּיגֶעל ?
19 לָאז אוּנְס דָאךְ וִויסֶען וָואס מִיר
זָאלֶען צוּ אִיהְם זָאגֶען, וָוארִין מִיר
קֶענֶען אוּנְס נִיט פָארְבֶּערֵייטֶען פוּן
װֶעגֶען דֶער פִינְסְטֶערְנִיס :

20 זָאל עֶס צוּ אִיהְם דֶערְצֵיילְט וֶוערֶען
אַז אִיךְ רֶעד ? אָדֶער הָאט אַ מֶענְשׁ
אַ מָאל גֶעזָאגְט אַז עֶר וֶועט פֶערְ־
שְׁלוּנְגֶען וֶוערֶען ?
21 אָבֶּער אַצוּנְד זֶעהְט מֶען נִיט דָאס
הֶעלֶע לִיכְט וָואס לֵייכְט אִין דִיא
וָואלְקֶען, וָוארִין דֶער ווִינְד גֵייט פֶערְ־
בֵּייא אוּנְד רֵיינִיגְט זֵייא :
22 פוּן צָפוֹן קוּמְט דָאס גָאלְד, בֵּייא
גָאט אִיז דִיא פָארְכְטֶערְלִיכֶע מַאיֶעסְ־
טֶעט !
23 וָואס צוּ דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען אָנְ־
בֶּעלַאנְגְט, מִיר קֶענֶען אִיהְם נִיט
אוֹיסְגֶעפִינֶען, עֶר אִיז הוֹיךְ אִין קְרַאפְט
אוּנְד אִין דֶעם מִשְׁפָּט, אוּנְד אִין פִיל
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, עֶר טְהוּט נִיט פֵּיינִיגֶען :
24 דַארִיבֶּער הָאבֶּען מֶענְשֶׁען פַאר
אִיהְם מוֹרָא, עֶר זֶעהְט נִיט אָן דִיא
קְלוּג הֶערְצִיגֶע :

קאפיטעל לח

1 אוּנְד גָאט הָאט דֶעם אִיוֹב גֶעְ־
עֶנְטְפֶערְט פוּן דֶעם שְׁטָארֶעם ווִינְד,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט :
2 וֶוער אִיז דָאס דֶער וָואס מַאכְט
פִינְסְטֶער דִיא עֵצָה מִיט רֵייד אָהְן
ווִיסֶענְשַׁאפְט ?
3 גַארְט דִיךְ נָאר אָן דֵיינֶע לֶענְדֶען
ווִיא אַ מֶענְשׁ, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ
פְרֶעגֶען אַז דוּא זָאלְסְט מִיךְ לָאזֶען
ווִיסֶען :
4 וְואוּ בִּיזְט דוּא גֶעוֶועזֶען וֶוען אִיךְ
הָאבּ גֶעלֵייגְט דֶעם גְרוּנְד פוּן דֶער
עֶרְד ? זָאג עֶס דָאךְ אִיוֹב דוּא קֶענְסְט
עֶס פֶערְשְׁטֵיין :
5 וֶוער הָאט דָאס מָאס דֶערְפוּן גֶעְ־
מַאכְט, אִיוֹב דוּא ווִייסְט עֶס ? אָדֶער
וֶוער הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט דִיא מֶעסְטְ־
שְׁנוּר ?
6 אוֹיף וָואס זֶענֶען דִיא זֵיילֶען דֶערְ־
פוּן בֶּעפֶעסְטִיגְט ? אָדֶער וֶוער הָאט
דֶעם עֶק־גְרוּנְד שְׁטֵיין דֶערְפוּן גֶעְ־
לֵייגְט ?
7 וֶוען דִיא מָארְגֶענְשְׁטֶערֶען הָאבֶּען
מִיט אֵיינַאנְדֶער גֶעזִינְגֶען אוּנְד אַלֶע
בְּנֵי אֱלֹהִים הָאבֶּען גֶעשַׁאלְט פַאר
פְרֵייד ?
8 אָדֶער וֶוער הָאט דָאס יָם פֶערְ־
שְׁלָאסֶען מִיט טִירֶען, וֶוען עֶס הָאט
זִיךְ אוֹיסְגֶעגָאסֶען אַזוֹי ווִיא פוּן אַ
בּוֹיךְ ?
9 וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט דִיא וָואלְקֶען
אַלְס זֵיין קְלֵייד, אוּנְד דִיא דִיקֶע פִינְסְ־
טֶערְנִיס זַיינֶע ווִינְדֶעלְן ?
10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ וֶועגֶען אִיהְם צוּ־
בְּרָאכֶען מֵיין גֶעזֶעץ, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
גֶעמַאכְט רִיגֶעלְן אוּנְד טִירֶען :
11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, בִּיז דָא
אַהֶער זָאלְסְט דוּא קוּמֶען אָבֶּער נִיט
ווֵייטֶער, אוּנְד דָא זָאלֶען זִיךְ דֵיינֶע
שְׁטָאלְצֶע אִינְדֶען אַנִידֶערְלֵייגֶען :
12 הָאסְט דוּא דֶען פוּן דֵיינֶע טֶעג
אָן בֶּעפוֹילֶען דֶעם מָארְגֶען ? אוּנְד
ווֵייסְט דוּא דֶען דֶעם אָרְט פוּן דֶעם
מָארְגֶענְשְׁטֶערְן ?
13 כְּדֵי אָנְצוּנֶעמֶען אַן דִיא עֶקֶען פוּן
דֶער עֶרְד, אוּנְד דִיא רְשָׁעִים דֶערְפוּן
אוֹיסְצוּשָׁאקֶעלְן :
14 אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ קֶעהְרֶען אַזוֹי
ווִיא דֶער לֵיים צוּ דֶעם חוֹתָם, אוּנְד
זֵייא וֶועלֶען זִיךְ שְׁטֶעלֶען אַזוֹי ווִיא אַ
קְלֵייד :
15 אוּנְד פוּן דִיא רְשָׁעִים וֶועט זֵייעֶר
לִיכְט גֶעמִינְגֶערְט וֶוערֶען, אוּנְד דֶער
הוֹיכֶער אָרֶעם וֶועט צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען

16 בּיזט דוּא אָנגעקוּמען בּיז צוּ דיא
קוועלען פוּן דעם ים ? אָדער בּיזט
דוּא אַרוּמגעגאַנגען אויסצוּפאָרשען דיא
טיפענים ?
17 זענען דיא טויערן פוּן דעם טויט
צוּ דיר ענטפּלעקט געוואָרען ? אָדער
האָסט דוּא געזעהען דיא טויערן פוּן
דעם שאָטען פוּן טויט ?
18 האָסט דוּא בּעמערקט דיא בּרייט
פוּן דער ערד ? זאָג עס אויב דוּא
ווייסט דאָס אַלעס :
19 אַוואוּ איז דער וועג וואוּ דאָס
ליכט וואוינט ? אוּנד וועלכעס איז
דער אָרט פוּן דער פינסטערניס :
20 אַז דוּא זאָלסט עס קענען אַהינ־
פיהרען צוּ זיינע גרענעץ, אָדער אַז
דוּא זאָלסט קענען פערשטעהן דעם
שטעג צוּ דעם הויז דערפוּן :
21 ווייסט דוּא עס דען, ווייל דוּא
בּיזט שוין דעמאָלס געבּוירען געוואָ־
רען ? אָדער ווייל דיא צאָל פוּן דיינע
טעג זענען פיל ?
22 בּיזט דוּא דען אַריינגעקוּמען אין
דיא אוֹצרוֹת פוּן דעם שניי ? אָדער
האָסט דוּא געזעהען דיא אוֹצרוֹת פוּן
דעם האָגעל ?
23 וואָס איך האָב בּעהאַלטען פאַר
דיא צייט פוּן דער צרה, פאַר דעם
טאָג פוּן קריג אוּנד מלחמה ?
24 וואוּ איז דער וועג אַוואוּ דאָס
ליכט צוּטיילט זיך, וואָס צוּשפּרייט
דעם מזרח־ווינד איבּער דער ערד ?
25 ווער האָט אָפּגעטיילט צוּ דער
פערפלייצוּנג אַ רין, אוּנד אַ וועג צוּ
דיא קוֹלוֹת פוּן דעם דאָנער ?
26 כּדי עס זאָל רעגנען אויף דער
ערד וואוּ עס איז קיין מענש, אין דער
מדבּר וואוּ קיין מענש איז ניט :
27 כּדי צוּ זעטיגען דיא וויסטע
וויסטעניא, אוּנד עס צוּ מאַכען
שפּראָצען אַז גראָז זאָל אַרויסוואַקסען :
28 האָט דען דער רעגען אַ פאָטער ?
אָדער ווער מאַכט אַז דיא טראָפּען
פוּן דעם טוי זאָלען געבּוירען ווערען ?
29 פוּן וועלכען בּויך איז דאָס אייז
אַרויסגעקוּמען ? אָדער ווער האָט גע־
בּוירען דיא פראָסט פוּן דעם הימעל ?
30 דיא וואַסער בּעהאַלטען זיך אַזוי
וויא אַ שטיין, אוּנד דאָס פּנים פוּן
דעם אָפּגרוּנד ווערט געפרוירען :
31 קענסט דוּא פערקניפּען דיא מזלות
פוּן כּימה, אָדער קענסט דוּא אויפ־
מאַכען דיא אויסציהוּנג פוּן דעם מזל
כּסיל ?
32 אָדער קענסט דוּא אַרויסבּרענגען
דיא מזלות אין זיינער צייט ? אָדער
קענסט דוּא פיהרען דעם מזל עיש
מיט איהרע קינדער ?
33 ווייסט דוּא דען דיא געזעץ פוּן
דעם הימעל ? אָדער קענסט דוּא
מאַכען אַז איטליכער מזל זאָל געוועל־
טיגען אין דער ערד ?
34 קענסט דוּא אויפהייבּען דיין קוֹל
צוּ דיא וואָלקען, אַז דיא מאַסע פוּן
דיא וואַסערן זאָלען זיך צוּדעקען ?
35 קענסט דוּא אַרויסשיקען דיא
בּליצען אַז זייא זאָלען גיין, אוּנד אַז
זייא זאָלען צוּ דיר זאָגען, היער בּין
איך !
36 ווער האָט דיא חכמה אַריינגעטהון
אין דער בּעהאַלטעניס ? אָדער ווער
גיט פערשטאַנד צוּ דעם האַרץ
(אָדער געדאַנקען) ?
37 ווער קען ציילען דיא וואָלקענס

דורךְ חָכְמָה ? אָדֶער װֶער קֶען צוּרִיק־
האַלְטֶען דיא פְלַאשֶׁען פוּן דֶעם הִימֶעל ?
38 װֶען דֶער שְׁטוֹיב אִיז צוּזַאמֶענְגֶעגָ־
נָאסֶען גֶעװָארֶען, אוּנְד דיא שְׁטִיקֶער
בֶּעהֶעפְטֶען זִיךְ צוּזַאמֶען :
39 װִילְסְט דוּא נָאכְיָאגֶען דיא פֶערְ־
צִיקוּנְג פַאר דֶעם לֵייב, אָדֶער אָנְפִילֶען
דָאס פֶערְלַאנְגֶען פוּן דיא יוּנְגֶע לֵייבֶען ?
40 װֶען זֵייא לֵייגֶען זִיךְ אַנִידֶער אִין
זֵייעֶרֶע הֵילֶען, אוּנְד זֵייא בְּלֵייבֶּען אִין
דיא בֵּיידְלֶעךְ צוּ לוֹיעֶרְן :
41 װֶער גְרֵייט אָן פַאר דיא רָאבֶען
זֵייעֶר עֶסֶען ? װֶען זֵייעֶרֶע יוּנְגֶען שְׁרֵייעֶן
צוּ גָאט, אוּנְד זֵייא װַאנְדֶערְן אַרוּם
אָהְן עֶסֶען :

## קאפיטעל לט

1 װֵייסְט דוּא דיא צֵייט װֶען דיא
װִילְדֶע צִיגֶען פוּן דיא פֶעלְזֶען גֶעװוֹי־
גֶען ? אָדֶער בֶּעמֶערְקְסְט דוּא װֶען
דיא אִינְדִין הָאט גֶעבּוֹירְט'ס שְׁמֶערְצֶען ?
2 קֶענְסְט דוּא צֵיילֶען דיא חָדָשִׁים
װֶען זֵייא דֶערְפִילֶען, אָדֶער װֵייסְט דוּא
דיא צֵייט פוּן זֵייעֶר גֶעװִינֶען ?
3 זֵייא בֵּייגֶען זִיךְ אַנִידֶער, זֵייעֶרֶע
קִינְדֶער שְׁפַּאלְטֶען (דיא מוּטֶער־טְרַאכְט)
אוּנְד זֵייעֶר װֵייטָאג שִׁיקֶען זֵייא אַװֶעק :
4 זֵייעֶרֶע יוּנְגֶע קִינְדֶער װֶערֶען שְׁטַארְק
אוּנְד פֶערְמֶעהְרֶען זִיךְ אַזוֹי װִיא דָאס
קָארְן, זֵייא גֵייעֶן אַרוֹיס, אָבֶער זֵייא
קוּמֶען נִיט מֶעהְר צוּרִיק צוּ זֵייא :
5 װֶער הָאט דֶעם װִילְדֶען אֵייזֶעל
פְרֵייא אַװֶעקְגֶעשִׁיקְט ? אָדֶער װֶער
הָאט אוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען דֶעם שְׁטְרִיק פוּן
דֶעם װִילְדֶען אֵייזֶעל ?
6 װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט זֵיין הוֹיז
אִין דֶער װִיסְטֶענִיש, אוּנְד אִין דֶעם
פֶערְדַארְטֶען לַאנְד זֵיינֶע װָאוֹינוּנְג :
7 עֶר שְׁפֶּעט אִיבֶּער דֶעם הָמוֹן פוּן
דֶער שְׁטָאט, אוּנְד עֶר הֶערְט נִיט
אַמָאל דָאס גֶעשְׁרֵייא פוּן דֶעם טְרֵייבֶּער :
8 װָאס עֶר זֶעהְט אוֹיף דיא בֶּערְג
אִיז זֵיינֶע פַּאשֶׁע (װֵייידֶע), אוּנְד עֶר
פָארְשְׁט אוֹיס נָאךְ אַלֶעם גְרִינֶעם
גְרָאז :
9 װֶעט דֶען דָאס אֵיינְהָארְן װִילִיג זַיין
דִיר צוּ דִינֶען, אָדֶער צוּ בְּלֵייבֶּען אִין
דֵיין שְׁטַאל (בֵּייא דֵיינֶע קָארֶעטֶע) ?
10 קֶענְסְט דוּא דֶען דָאס אֵיינְהָארְן
אֵיינְשְׁפַּאנֶען מִיט אַ שְׁטְרִיק (צוּ אַקֶערְן),
אָדֶער װֶעט עֶר נָאךְ דִיר דָאס פֶעלְד
גְלֵייךְ מַאכֶען ?
11 פֶערְזִיכֶערְסְט דוּא דִיךְ אוֹיף אִיהְם
װַייל עֶר הָאט אַ גְרוֹיסֶען כּוֹחַ, אָדֶער
װֶעסְט דוּא דִיךְ אוֹיף אִיהְם פֶערְלַאזֶען
מִיט דֵיינֶע אַרְבֵּייט ?
12 װִילְסְט דוּא אִיהְם גְלוֹיבֶּען אַז עֶר
װֶעט דֵיין זָאמֶען צוּרִיקבְּרֶענְגֶען, אוּנְד
עֶר װֶעט עֶס אֵיינְזַאמֶעלְן אִין דֵיינֶע
שֵׁייעֶרְן ?
13 הָאסְט דוּא גֶעגֶעבֶּען שֵׁיינֶע פְלִיגֶעלְן
צוּ דיא גְרוֹיסֶע זִינְגֶערִיגֶע פֵייגֶעל,
אָדֶער פְלִיגֶעל אוּנְד פֶעדֶערְן פוּן דֶעם
שְׁטָארְךְ ?
14 װָאס פֶערְלַאזֶען זֵייעֶרֶע אֵייעֶר אוֹיף
דֶער עֶרְד, אוּנְד װַארְמְט זֵייא אִין דֶעם
שְׁטוֹיבּ :
15 אוּנְד פֶערְגֶעסֶען אַז דֶער פוּס קֶען
זֵייא צוּטְרֶעטֶען, אָדֶער דיא װִילְדֶע
חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד קֶענֶען זֵייא צוּ־
בְּרֶעכֶען :
16 זֵייא זֶענֶען פֶערְהַארְטֶעט קֶעגֶען
זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע יוּנְגֶען, גְרָאד אַזוֹי אוֹיבּ
זֵייא װֶערֶען נִיט זֵייעֶרְס, זֵייעֶרֶע
בֶּעמִיהוּנְג אִיז בְּחִנָּם אוּנְד אָהְן מוֹרָא :

17 וָוארִין גָאט הָאט זֵייא גֶעמַאכְט
פֶערְגֶעסֶען דִיא חָכְמָה, אוּנְד עֶר הָאט
צוּ זֵייא נִיט אוֹיסְגֶעטֵיילְט פֶער־
שְׁטַאנְד:
18 אִין וֶועלְכֶע צֵייט אַז זִיא דֶערְ־
הֵייבְּט זִיךְ אִין דֶער הֵייךְ, אַזוֹי שְׁפֶּעט
זִיא אִיבֶּער דֶעם פֶערְד אוּנְד זֵיין
רֵייטֶער:
19 הָאסְט דוּא גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם
פֶערְד גְבוּרָה? קֶענְסְט דוּא אָנקְלֵיידֶען
זֵיין הַאלְז מִיט אַ שְׁטָארְם צִיטֶערְנִים?
20 קֶענְסְט דוּא אִיהְם מַאכֶען שְׁטָארְ־
מֶען אָדֶער שְׁפְּרִינְגֶען אַזוֹי וְוִיא אַ
הֵיישֶׁערְק, דִיא שֵׁיינְקֵייט פוּן זֵיין
שְׁנָארְכֶען אִיז פָארְכְטֶערְלִיךְ:
21 זֵייא זֶעהֶען אוֹיס (אָדֶער גְרוּבֶּען)
אִין דֶעם טְהָאל, אוּנְד עֶר פְּרֵייט זִיךְ
מִיט זֵיין כּוֹחַ, עֶר גֵייט אַרוֹיס עֶנְטְ־
קֶעגֶען דֶעם בֶּעוָואפֶּענְטֶען:
22 עֶר שְׁפֶּעט אִיבֶּער פָארְכְט אוּנְד
עֶר הָאט קֵיין מוֹרָא נִיט, אוּנְד עֶר
קֶעהְרְט נִיט צוּרִיק פוּן וֶועגֶען דֶעם
שְׁוֶוערְט:
23 דִיא פֵיילֶען קְלִינְגֶען אִיבֶּער אִיהְם,
אוּנְד אוֹיךְ דִיא קְלִינְגֶען פוּן דִיא
שְׁוֶוערְדֶען אוּנְד שְׁפִּיזֶען:
24 מִיט אַ רַעַשׁ אוּנְד אַ צָארְן
שְׁפְּרִינְגְט עֶר אִיבֶּער דִיא עֶרְד, אוּנְד
עֶר גְלוֹיבְּט נִיט אַז עֶס אִיז אַ קוֹל פוּן
שׁוֹפָר:
25 אַזוֹי בַּאלְד וְוִיא מֶען בְּלָאזְט דֶעם
שׁוֹפָר זָאגְט עֶר הַא, הַא! אוּנְד עֶר
שְׁמֶעקְט דִיא מִלְחָמָה פוּן וֵוייטֶען, עֶר
הֶערְט דֶעם לַארְם אוּנְד דֶעם שַׁאל פוּן
פִירְשְׁטֶען:
26 טְהוּט דֶער פוֹיגֶעל, וָואס הֵייסְט
נֵץ פְלִיהֶען דוּרְךְ דֵיין פֶערְשְׁטַאנְד?
אָדֶער טְהוּט עֶר אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען זֵיינֶע
פְלִיגֶעלְן קֶעגֶען דָרוֹם־זֵייט?
27 אָדֶער טְהוּט זִיךְ דֶער אָדְלֶער
דֶערְהֵייבֶּען אוֹיף דֵיין בֶּעפֶעהְל, אוּנְד
טְהוּט עֶר דֶערְהֵייבֶּען זֵיין נֶעסְט?
28 עֶר בְּלֵייבְּט וְואוֹינֶען אוֹיף אַ
פֶעלְז, אוֹיף אַ שְׁפִּיץ פֶעלְז אִיז אִיהְרֶע
פֶעסְטוּנְג:
29 אַפִּילוּ פוּן דָארְט זוּכְט זִיא אוֹיס
דָאס עֶסֶען, זִיא זֶעהְט עֶס מִיט אִיהְרֶע
אוֹיגֶען פוּן וֵוייטֶען:
30 אוּנְד אִיהְרֶע יוּנְגֶען זֵייגֶען בְּלוּט,
אוּנְד אַוְואוּ דֶערְשְׁלָאגֶענֶע זֶענֶען דָארְט
אִיז זִיא אוֹיךְ:

## קאפיטעל מ

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶעם
אִיוֹב, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט:
2 זָאל דֶער וָואס קְרִיגְט זִיךְ מִיט דֶעם
אַלְמֶעכְטִיגֶען, אִיהְם נָאךְ מוּסָר זָאגֶען?
לָאז דֶער וָואס שְׁטְרָאפְט גָאט עֶס
עֶנְטְפֶערְן:
3 אַזוֹי הָאט אִיוֹב גָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט:
4 זֶעה, אִיךְ בִּין צוּ גְרִינְג, וָואס קֶען
אִיךְ דִיר עֶנְטְפֶערְן? אִיךְ וֶועל מֵיינֶע
הַאנְד אוֹיף מֵיין מוֹיל לֵייגֶען:
5 אֵיינְמָאל הָאבּ אִיךְ גֶערֶעט, אָבֶּער
אִיךְ וִויל נִיט עֶנְטְפֶערְן, יוֹא, צְוֵייא
מָאל, אָבֶּער אִיךְ וֶועל נִיט מֶעהְר
(רֶעדֶען):
6 אַזוֹי הָאט גָאט דֶעם אִיוֹב גֶע־
עֶנְטְפֶערְט פוּן דֶעם שְׁטָארְמְווִינְד, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט:
7 גַארְט דָאךְ אָן דֵיינֶע לֶענְדֶען אַזוֹי
וְוִיא אַ מֶענְשׁ, אִיךְ וֶועל דִיךְ פְרֶעגֶען,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט מִיר וִויסֶען לָאזֶען:
8 וִוילְסְט דוּא דֶען אוֹיךְ מֵיין מִשְׁפָּט

צוּשְׁטֶערֶען? ווִילְסְט דוּא מִיךְ בֶּער־
שׁוּלְדִיגֶען כְּדֵי דוּא זָאלְסְט גֶערֶעכְט
זַיין?
9 אָדֶער הָאסְט דוּא אֵיין אָרֶעם אַזוי
וִויא גָאט? אָדֶער קֶענְסְט דוּא דָאנֶערְן
מִיט אַ קוֹל אַזוי וִויא עֶר?
10 צִיר דִיךְ דָאךְ (אַצוּנְד) אָן מִיט
גְרויסְקֵייט אוּנְד הויכְקֵייט, אוּנְד קְלֵייד
דִיךְ אָן מִיט שֵׁיינֶע שֵׁיינְקֵייט:
11 פֶערְשְׁפְּרֵייט דָאךְ דֶעם גְרִים פוּן
דֵיין צָארְן, אוּנְד זֶעה אָן אִיטְלִיכֶען
וָואס אִיז שְׁטָאלְץ, אוּנְד דֶערְנִידֶערִיג
אִיהְם:
12 זֶעה אָן אִיטְלִיכֶען וָואס אִיז
שְׁטָאלְץ אוּנְד מַאךְ אִיהְם אוּנְטֶערְטֶע־
נִיג, אוּנְד צוּשְׁטוּיס דִיא רְשָׁעִים הִינְטֶער
זַייא:
13 דוּא וֶועסְט זַייא צוּזַאמֶען בֶּעהַאלְטֶען
אִין דֶעם שְׁטוֹיבּ, אוּנְד בִּינְד זַיירֶע
פֶּענֶעמֶער אִין דֶער בֶּעהַאלְטֶענִים:
14 אַזוי וֶועל אִיךְ צוּ דִיר אוֹיךְ
בֶּעקֶענֶען, אַז דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד קֶען
דִיר הֶעלְפֶען:
15 זֶעה דָאךְ אָן דֶען בְּהֵמוֹת וָואס
אִיךְ הָאבּ בֶּעשַׁאפֶען מִיט דִיר, עֶר
עֶסְט גְרָאז אַזוי וִויא דִיא רִינְדֶער:
16 זֶעה דָאךְ, זֵיין כּוֹחַ אִיז אִין זַיינֶע
לֶענְדֶען, אוּנְד זַיינֶע קְרַאפְט אִיז אִין
דֶעם נָאפֶּעל פוּן זֵיין בּוֹיךְ:
17 עֶר בֶּעוֶועגְט זַיין זָנָב, (וָואס אִיז
הַארְט) אַזוי וִויא אַ טֶענֶענְבּוֹים, אוּנְד
זַיינֶע אָדֶערְן זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶעפְלָאכְ־
טֶען
18 זַיינֶע בֵּיינֶער זֶענֶען אַזוי שְׁטַארְק
וִויא קוּפֶּער, זַיינֶע בֵּיינֶער זֶענֶען אַזוי
וִויא אֵייזֶערְנֶע שְׁטַאנְגֶען:
19 עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס עֶרְשְׁטֶע
פוּן דִיא וֶועגֶען פוּן גָאט, דֶער וָואס
הָאט אִיהְם בֶּעשַׁאפֶען, קֶען אוֹיךְ צוּ
אִיהְם גְרֵייכֶען זַיין שְׁוֶוערְט:
20 פַאר וָואהְר, דִיא בֶּערְג לָאזֶען
וַואקְסֶען זַיין עֶסֶען פַאר אִיהְם, אוּנְד
אַלֶערְלֵייא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד
שְׁפִּילֶען זִיךְ דָארְטֶען:
21 עֶר לֵייגְט זִיךְ אַנִידֶער אוּנְטֶער
זַייעֶר שָׁאטֶען, אִין דֶעם פֶערְבָּארְגֶענֶעם
צְווִישֶׁען דִיא רוֹירֶען אוּנְד לַאנְגֶען
גְרָאז:
22 דִיא שָׁאטֶענְ'ס פוּן אַנְדֶערֶע בֵּיי־
מֶער בֶּעדֶעקֶען אִיהְם מִיט זַיירֶע
שָׁאטֶענְ'ס, דִיא וֶוערְבֶּעס־בֵּיימֶער פוּן
דֶעם טֵייךְ רִינְגֶעלְן אִיהְם אַרוּם:
23 זֶעה, עֶר טְרִינְקְט אוֹיס דֶעם טֵייךְ,
עֶר אֵיילְט זִיךְ נִיט, עֶר הָאט אַ
פֶערְזִיכֶערוּנְג. אַז עֶר קֶען אוֹיסְשֶׁעפֶּען
דֶעם יַרְדֵן אִין זַיין מוֹיל:
24 עֶר וֶועט צוּגֶענוּמֶען וֶוערֶען מִיט
זַיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד מִיט דִיא שְׁטְרוֹי־
כֶעלְנֶעץ וֶועט זַיינֶע נָאז דוּרְכְגֶעשְׁטָאכֶען
וֶוערֶען:
25 קֶענְסְט דוּא דֶעם לִוְיָתָן אַרוֹיסְצִי־
הֶען מִיט אַ הָאקֶען? אָדֶער קֶענְסְט
דוּא אַרוֹיסְצִיהֶען זַיינֶע צוּנְג מִיט אַ
שְׁטְרִיק?
26 קֶענְסְט דוּא אַ הָאקֶען אִין זַיינֶע
נָאז אַרֵיינְלֵייגֶען? אָדֶער דוּרְכְבּוֹירֶען
אַ לָאךְ אִין זַיינֶע בַּאקֶען?
27 וֶועט עֶר צוּ דִיר פֶערְמֶעהְרֶען
גֶעבֶּעט? אָדֶער וֶועט עֶר צוּ דִיר
רֶעדֶען לֵיידִיגֶע זַאכֶען?
28 וֶועט עֶר מִיט דִיר כּוֹרֵת בְּרִית
זַיין? אָדֶער ווִילְסְט דוּא אִיהְם צוּנֶעמֶען
פַאר אֵיין אֵייבִּיגֶען קְנֶעכְט?
29 ווִילְסְט דוּא דִיךְ מִיט אִיהְם

שְׁפִּילֶען אַזוֹי וִויא מִיט אַ פוֹיגֶעל ? אָדֶער קֶענְסְט דוּא אִיהְם אָנְבִּינְדֶען צוּ דֵיינֶע יוּנְגֶע קִינְדֶער ?

30 זָאלֶען דֵיינֶע חֲבֵרִים זִיךְ מַאכֶען אַ סְעוּדָה אִיבֶּער אִיהְם ? אָדֶער זָאלֶען זַייא אִיהְם צוּטֵיילֶען צְווִישֶׁען דִיא סוֹחֲרִים ?

31 קֶענְסְט דוּא אָנְפִּילֶען זַיינֶע הוֹיט מִיט שְׁטַאכֶעדִיג אַייזֶען ? אָדֶער זַיין קָאפּ מִיט גְרוֹיסֶע פִּישְׁגְרֶעטֶען ?

32 לֵייג דָאךְ דֵיינֶע הַאנְד אוֹיף אִיהְם, גֶעדֶענְק אָן דֶער מִלְחָמָה, טְהוּא עֶס נִיט מֶעהְר :

קאפיטעל מא

1 וֶועה זַיינֶע הָאפְנוּנְג אִיז שׁוֹין פַאלְשׁ, אֲפִילוּ בַּייא דֶעם אָנְזֶעהֶען וֶוערְט מֶען אַנִידֶערְגֶעוָוארְפֶען :

2 עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנְדֶען אַיין אוּמְדֶערְבַּארֶעמְדִיגֶער וָואס זָאל אִיהְם קֶענֶען אוֹיפְוֶועקֶען, אוּנְד וֶוער קֶען פַאר אִיהְם בֶּעשְׁטֵיין ?

3 וֶוער הָאט זִיךְ פַאר מִיר גֶעפֶערְדֶערְט אַזוֹי וֶועל אִיךְ אִיהְם בֶּעצָאלֶען, וָוארִין אַלֶעס וָואס אִיז אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל גֶעהֶערְט דָאךְ צוּ מִיר :

4 אִיךְ וֶועל נִיט שְׁווַייגֶען וֶועגֶען זַיינֶע שְׁטַארְקְהַייט, אוּנְד וֶועגֶען זַיינֶע גְבוּרוֹת, אוּנְד וֶועגֶען זַיינֶע אָנְרִיכְטוּנְג :

5 וֶוער הָאט עֶנְטְפְּלֶעקְט דָאס פְּנִים פוּן זַיין קְלֵייד ? אָדֶער וֶוער קֶען צוּ אִיהְם קוּמֶען מִיט זַיינֶעם דָאפֶּעלְטֶען צוֹים ?

6 וֶוער קֶען אוֹיפְמַאכֶען דִיא טִירֶען פוּן זַיין מוֹיל ? זַיינֶע צֵיין זֶענֶען פֶארְכְטֶערְלִיךְ רִינְגְס אַרוּם :

7 עֶר הָאט אַ גְרוֹיסֶע גַאֲוָה מִיט זַיינֶע שְׁטַארְקֶע פַאנְצֶערְן, זַייא זֶענֶען פֶערְשְׁלָאסֶען אַזוֹי וִויא מִיט אַיין עֶנְגֶען זִיגֶעל (חוֹתָם) :

8 זַייא גֶענֶעהֶנֶען אַיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶערֶע, דָאס קֵיין וִוינְד קֶען נִיט קוּמֶען צְווִישֶׁען זַייא :

9 זַייא זֶענֶען בֶּעהֶעפְט אַיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶערֶע, זַייא הָאבֶען זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען אוּנְד זַייא קֶענֶען נִיט אָפְּגֶעשַׁייט וֶוערֶען :

10 וֶוען עֶר נִיסְט אַזוֹי טְהוּט אַ לִיכְט שַׁיינֶען, אוּנְד זַיינֶע אוֹיגֶען לַייכְטֶען אַזוֹי וִויא דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן :

11 אוֹיס זַיין מוֹיל גֵייעֶן אַרוֹיס פְלַאמֶען, פַייעֶר פְלַאמֶען עֶנְטְרִינֶען דֶערְפוּן :

12 אוֹיס זַיינֶע נָאזְלֶעכֶער גֵייט אַרוֹיס אַ רוֹיךְ, אַזוֹי וִויא פוּן אַ קָאכֶעדִיגֶען טָאפּ אָדֶער וִויא פוּן אַיין עֶרְדֶענֶעם טָאפּ :

13 פוּן זַיין לֵייב טְהוּן זִיךְ קוֹילֶען אָנְצִינְדֶען, אוּנְד פְלַאמֶען גֵייעֶן אַרוֹיס אוֹיס זַיין מוֹיל :

14 אִין זַיין הַאלְז טְהוּט אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען שְׁטַארְקְהַייט, אוּנְד פַאר אִיהְם פֶערְקֶעהְרְט זִיךְ דִיא טְרוֹיעֶרִיגְקַייט אִין פְרֵייד :

15 דִיא פַאלְטֶען פוּן זַיין פְלֵיישׁ זֶענֶען צוּזַאמֶענְגֶעהֶעפְט, עֶס אִיז אוֹיף אִיהְם וִויא אַרוֹיפְגֶעגָאסֶען, דָאס עֶס וֶוערְט נִיט אַוֶועקְגֶערִיקְט :

16 זַיין הַארְץ אִיז אַזוֹי שְׁטַארְק וִויא אַ שְׁטֵיין, אוּנְד אִיז גֶעגָאסֶען אַזוֹי וִויא דֶער אוּנְטֶערְשְׁטֶער מִיהְל־שְׁטֵיין :

17 וֶוען עֶר דֶערְהֵייבְּט זִיךְ אַזוֹי הָאבֶען אֲפִילוּ דִיא שְׁטַארְקֶע מוֹרָא, פוּן וֶועגֶען דֶעם בְּרֶעכֶענִים טְהוּן זַייא זִיךְ רֵיינִיגֶען :

18 דָאס שְׁוֶוערט וָואס טְהוּט אִיהְם רֶערְ־
גְרֵייכֶען קֶען נִיט בֶּעשְׁטֵיין בְּלֵייבֶּען, אַזוֹי
אוֹיךְ נִיט קֵיין שְׁפִּיז, פֵיל אָדֶער פַּאנְצֶער:
19 אֵייזֶען וֶוערְט בֵּייא אִיהְם בֶּעְ־
טְרַאכְט אַזוֹי וִויא שְׁטְרוֹיא, אוּנְד קוּפֶּער
אַזוֹי וִויא פֶערְפוֹילְטֶעס הָאלְץ:
20 אַ פֵייל קֶען אִיהְם נִיט מַאכֶען
עֶנְטְלוֹיפֶען, שְׁלֵיידֶער שְׁטֵיינֶער וֶוערֶען
צוּ אִיהְם פֶערְקֶעהְרְט צוּ שְׁטְרוֹיא:
21 שַׁארְפֶע פֵיילֶען זֶענֶען גֶערֶעכֶענְט
אַזוֹי וִויא שְׁטְרוֹיא, עֶר לַאכְט אִיבֶּער
דֶעם שָׁאקֶעלְן פוּן אַ שְׁפִּיז:
22 אוּנְטֶער אִיהְם זֶענֶען שַׁארְפֶע
שְׁטֵיינֶער, אַזוֹי וִויא גִין־גָאלְד אִיז אוֹיף
דֶעם לֵיים אַוְואוּ עֶר לִיגְט:
23 עֶר מַאכְט דִיא טִיפֶענִים קָאכֶען
אַזוֹי וִויא אַ טָאפּ, עֶר מַאכְט דָאס יַם
וִויא אַ טָאפּ פוּן אַלֶערְלֵייא בְּשָׂמִים:
24 נָאךְ אִיהְם טְהוּט דֶער שְׁטֵייג
לַייכְטֶען, דֶער אָפְּגְרוּנְד אִיז גֶעגְלִיכֶען
צוּ אַ גְרָאז־אַלְטֶען:
25 עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנְדֶען אוֹיף דֶער
עֶרְד אֵיינֶער וָואס אִיז אִיהְם גְלֵייךְ
וָואס אִיז בֶּעשַׁאפֶען אַז עֶר זָאל פַאר
קֵיינֶעם נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען:
26 עֶר זֶעהְט אַלֶעס וָואס אִיז אִין
דֶער הֵייךְ, עֶר אִיז אַ מֶלֶךְ אִיבֶּער
אַלֶע הָאפֶערְדִיגֶע קִינְדֶער:

קאפּיטעל מב

1 אוּנְד אִיוֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּ
גָאט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט:
2 אִיךְ וֵויים אַז דוּא קֶענְסְט טְהוּן
אַלֶעס, אוּנְד קֵיין שׁוּם גֶעדַאנְקֶען קֶען
פוּן דִיר צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען:
3 וֶוער אִיז דֶער וָואס פֶערְהוּילְט דִיא
עֵצָה אָהְן פֶערְשְׁטַאנְד? דָארִיבֶּער הָאבּ
אִיךְ גֶעזָאגְט דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט
פֶערְשְׁטַאנֶען, וָואס עֶס אִיז צוּ וְואוּנְ־
דֶערְלִיךְ פַאר מִיר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס
נִיט גֶעוְואוּסְט:
4 הֶער דָאךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל רֶעדֶען,
אִיךְ וֶועל דִיךְ פְרֶעגֶען, אַז דוּא זָאלְסְט
עֶס מִיךְ לָאזֶען וִויסֶען:
5 אִיךְ הָאבּ פוּן דִיר גֶעהֶערְט מִיט
דֶעם הֶערֶען פוּן דֶעם אוֹיעֶר, אָבֶּער
אַצוּנְד זֶעהֶען דִיךְ מֵיינֶע אוֹיגֶען:
6 דַארִיבֶּער פֶערְמִיאוּס אִיךְ מִיךְ אַלֵיין,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ חַרָטָה (אָדֶער טְהוּא
תְּשׁוּבָה) אִין דֶעם שְׁטוֹיבּ אוּנְד אַשׁ:
7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאכְדֶעם אַז
גָאט הָאט גֶערֶעט דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער
צוּ אִיוֹב, אַזוֹי הָאט גָאט גֶעזָאגְט צוּ
אֱלִיפַז הַתֵּימָנִי, מֵיין צָארְן אִיז קֶעגֶען
דִיר דֶערְגְרִימְט אוּנְד קֶעגֶען דֵיינֶע
צְווֵייא חֲבֵרִים, וָוארִין אִיהְר הָאט נִיט
פוּן מִיר גֶערֶעט רֶעכְטְשַׁאפֶענֶעס אַזוֹי
וִויא מֵיין קְנֶעכְט אִיוֹב:
8 אָבֶּער אַצוּנְד נֶעמְט צוּ אֵייךְ זִיבֶּען
אָקְסֶען, אוּנְד זִיבֶּען ווִידֶער, אוּנְד גֵייט
צוּ מֵיין קְנֶעכְט אִיוֹב, אוּנְד בְּרֶענְגְט
זֵייא אוֹיף אַלְס אַ קָרְבָּן עוֹלָה פוּן
אֵייעֶרט וֶועגֶען, אוּנְד מֵיין קְנֶעכְט אִיוֹב
וֶועט פַאר אֵייעֶרט וֶועגֶען בֶּעטֶען,
וָוארִין זֵיין פָּנִים וֶועל אִיךְ אוֹיפְנֶעמֶען,
כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט צוּ אֵייךְ טְהוּן נָאךְ
אֵייעֶרֶע נַארִישְׁקֵייט, וָוארִין אִיהְר הָאט
נִיט גֶערֶעט פוּן מִיר רֶעכְטְשַׁאפֶענֶעס
אַזוֹי וִויא מֵיין קְנֶעכְט אִיוֹב:
9 אַזוֹי זֶענֶען אֱלִיפַז הַתֵּימָנִי אוּנְד
בִּלְדַד הַשּׁוּחִי, אוּנְד צוֹפַר הַנַּעֲמָתִי
אַהִינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעְ־
טְהוּן אַזוֹי וִויא גָאט הָאט צוּ זֵייא
גֶערֶעט, אוּנְד גָאט הָאט אָנְגֶענוּמֶען
דָאס פָּנִים פוּן אִיוֹב:

10 אוּנְד גָאט הָאט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן אִיוֹב, וֶוען עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען פַאר זַיינֶע פְרַיינְד; אוּנְד גָאט הָאט פֶערְמֶעהְרְט צוּ אִיוֹב אַלֶעם צְוַויא מָאל אַזוֹי פִיל:

11 אוּנְד אַלֶע זַיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד אַלֶע זַיינֶע שְׁוֶועסְטֶערְן, אוּנְד אַלֶע זַיינֶע בֶּעקַאנְטֶע פוּן פְרִיהֶער זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען מִיט אִיהְם בְּרוֹיט גֶעגֶעסֶען אִין זַיין הוֹיז, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם בֶּעקְלָאגְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיךְ גֶעטְרַייסְט וֶועגֶען דֶעם אַלֶעם בֵּייזֶען וָואס גָאט הָאט אִיבֶּער אִיהְם גֶעלָאזְט בְּרֶענְגֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶער הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אַ קְשִׂיטָה, אוּנְד אִיטְלִיכֶער אַ גָאלְדֶעגֶעם נָאזְרִינְג:

12 אוּנְד גָאט הָאט גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם סוֹף פוּן אִיוֹב מֶעהְר וִויא זַיין אָנְפַאנְג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט פִירְצֶעהְן טוֹיזֶענְד שָׁאף, אוּנְד זֶעקְס טוֹיזֶענְד קֶעמֶעל, אוּנְד אֵיין טוֹיזֶענְד יָאךְ אָקְסֶען, אוּנְד אֵיין טוֹיזֶענְד אֵייזֶעלְן:

13 עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעהַאט זִיבֶּען זִיהְן אוּנְד דְרַייא טֶעכְטֶער:

14 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶער עֶרְשְׁטֶער יְמִימָה, אוּנְד דִיא צְוַוייטֶע קְצִיעָה, אוּנְד דִיא דְרִיטֶע קֶרֶן הַפּוּךְ:

15 אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד זֶענֶען נִיט גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען זָאלְכֶע שֵׁיינֶע פְרוֹיעֶן וִויא דִיא טֶעכְטֶער פוּן אִיוֹב, אוּנְד זֵייעֶר פָאטֶער הָאט צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען אַ נַחֲלָה צְוִוישֶׁען זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער:

16 אוּנְד נָאךְ דֶעם דָאזִיגֶען הָאט אִיוֹב גֶעלֶעבְּט הוּנְדֶערְט אוּנְד פִירְצִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען זַיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד זַיינֶע קִינְדֶער'ס קִינְדֶער אַפִּילוּ פִיעֶר דוֹרוֹת:

17 אוּנְד אִיוֹב אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אַלְטֶער הֵייט אוּנְד זַאט פוּן טֶעג:

# חזק

---

אַלע פסוקים פֿון איוב זענען טויזענד אונד זיבעציג, אונד דיא העלפֿט דער פֿון איז קאפּיטעל כ"ב ט"ז; אונד עס האט אים גאנצען צווייא אונד פֿירציג קאפּיטעל.

# שִׁיר הַשִּׁירִים

## קאפיטעל א

1 אֵיין גֶעזַאנְג אִיבֶּער אַלֶע גֶעזַאנְגֶען פוּן שְׁלֹמֹה :

2 אוֹי, דָאס עֶר וָואלְט מִיךְ קִישֶׁען מִיט דֶעם קוּשׁ פוּן זֵיין מוֹיל, וָוארִין דֵיינֶע פְרֵיינְדשַׁאפְט אִיז בֶּעסֶער וִויא וֵויין :

3 פוּן וֶועגֶען דֶעם גֶעשְׁמַאק פוּן דֵיינֶע גוּטֶע אֵיילֶען דֵיין נָאמֶען אִיז גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אוֹיסְגֶעגָאסֶענֶער אֵייל, דַארוּם טְהוּן דִיךְ דִיא יוּנְגפְרוֹיעֶן לִיבֶּען :

4 צִיה מִיךְ, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר דִיר נָאכְלוֹיפֶען, דֶער מֶלֶךְ הָאט מִיךְ אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט אִין זֵיינֶע קַאמֶערְן, מִיר וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן אוּנְד אִין דִיר פְרֵיילִיךְ זֵיין, מִיר גֶעדֶענְקֶען דֵיינֶע פְרֵיינְדשַׁאפְט מֶעהְר וִויא וֵויין, דִיא אוֹיפְרִיכְטִיגֶע לִיבֶּען דִיךְ :

5 אִיךְ בִּין שְׁוַוארְץ, אָבֶּער אִיךְ בִּין דָאךְ לִיבְּלִיךְ, אוֹי אִיהְר טֶעכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, בֵּייא דִיא גֶעצֶעלְטֶען פוּן קֵדָר אַזוֹי וִויא דִיא פָארְהַאנְגֶען פוּן שְׁלֹמֹה :

6 אִיהְר זָאלְט מִיךְ נִיט אָנְזֶעהֶען וֵוייל אִיךְ בִּין שְׁוַוארְץ, וָוארִין דִיא זוּן הָאט מִיךְ פֶּערבְּרֶענְט, מֵיינֶע מוּטֶער'ס קִינְדֶער זֶענֶען אִיבֶּער מִיר עֶרְגֶערְלִיךְ גֶעוֶועזֶען, זֵייא הָאבֶּען מִיךְ גֶעמַאכְט פַאר אַ הִיטֶער צוּ דִיא וֵויינְגֶערְטֶען, אָבֶּער מֵיין אֵייגֶענֶעם וֵויינְגָארְטֶען הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעהִיט :

7 זָאג מִיר דָאךְ, אוֹי דוּא, וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ לִיבּ, אַוְואוּ דוּא טְהוּסְט דִיךְ וֵויידֶען, אַוְואוּ דוּא מַאכְסְט דֵיינֶע סְטַאדֶע רוּהֶען אַם מִיטָאג ? פַארְוָואס זָאל אִיךְ דֶען זֵיין אַזוֹי וִויא אֵיינֶע וָואס קֶעהְרְט זִיךְ אָפּ אַן דֶער זֵייט פוּן דֵיינֶע חֲבֵרִים, דִיא פַאסְטוּכֶער ?

8 וֶוען דוּא וֵוייסְט עֶס נִיט, אוֹי דוּא שֵׁיינְסְטֶע צְוִוישֶׁען דִיא וֵוייבֶּער, אַזוֹי גֵייא דָאךְ אַרוֹיס, בֵּייא דִיא פוּס־שְׁרִיט פוּן דִיא שָׁאף, אוּנְד וַוייד דֵיינֶע צִיקֶעלֶעךְ בֵּייא דִיא רוּהוּנְג פוּן דִיא אַנְדֶערֶע פַאסְטוּכֶערס :

9 אִיךְ הָאבּ דִיךְ פֶערגְלִיכֶען צוּ מֵיינֶע פֶערְד אִין דֶעם רֵייטְוָואגֶען פוּן פַּרְעוֹה, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע !

10 דֵיינֶע בַּאקֶען אוּנְד דֵיין הַאלְז זֶענֶען לִיבְּלִיךְ מִיט שְׁנִירֶען פוּן טֵיירֶע פֶערְלֶען אוּנְד גָאלְדֶענֶע קֵייטֶען :

11 מִיר וֶועלֶען דִיר מַאכֶען קֵייטֶעלֶעךְ פוּן גָאלְד מִיט פִּינְטֶעלֶעךְ פוּן זִילְבֶּער :

12 אַזוֹי לַאנְג וִויא דֶער מֶלֶךְ זִיצְט בֵּייא זֵיין טִישׁ, הָאט מֵיין גֶעוֶוערְץ גֶעגֶעבֶּען זֵיין גוּטֶען רֵיחַ :

13 אַ בִּינְדֶעל פוּן מוֹר אִיז מֵיין פִּיל־גֶעלִיבְּטֶער צוּ מִיר, עֶר וֶועט אִיבֶּערְ־גֶעכְטִיגֶען צְוִוישֶׁען מֵיינֶע בְּרִיסְטֶען :

14 אַזוֹי וִויא אַ הֶענְגֶעל פוּן קַאנְפֶער אִיז מֵיין פִּיל־גֶעלִיבְּטֶער צוּ מִיר, אִין דִיא וֵויינְגֶערְטֶען פוּן עֵין גֶּדִי :

15 זֶעה, דוּא בִּיזְט שֵׁיין, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, זֶעה, דוּא בִּיזְט שֵׁיין, דוּא הָאסְט טוֹיבֶּען־אוֹיגֶען :

16 זֶעה, דוּא בִּיזְט שֵׁיין מֵיין פִּיל־גֶעלִיבְּטֶער, יוֹא, דוּא בִּיזְט לִיבְּלִיךְ, אוֹיךְ אִיז אוּנְזֶער בֶּעט גְרִין :



דיא

17 דִיא בַּאלְקֶען פוּן אוּנְזֶער הויז זֶענֶען פוּן צֶעדֶער־הָאלְץ, אוּנְד אוּנְזֶערֶע בְּרֶעטֶער זֶענֶען פוּן בּוּקְסֶען־בֵּיימֶער:

קאפיטעל ב

1 אִיךְ בִּין דִיא רויז פוּן שָׁרוֹן, אוּנְד דִיא ווייסֶע בְּלוּם פוּן דֶעם טִיפֶען טָאהְל:

2 אַזוֹי וִויא אַ רויז אִיז צְווִישֶׁען דִיא דֶערְנֶער, אַזוֹי אִיז מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע צְווִישֶׁען דִיא טֶעכְטֶער:

3 אַזוֹי וִויא אֵיין אֶפֶּעלְבּוֹים אִיז צְווִי־שֶׁען דִיא בֵּיימֶער פוּן דֶעם וַואלְד, אַזוֹי אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער צְווִישֶׁען דִיא זִיהְן, אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אִין זֵיין שָׁאטֶען מִיט גְרוֹיסֶע לוּסְט, אוּנְד זֵיינֶע פֵּירוֹת זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זִיס צוּ מֵיין גוֹימֶען:

4 עֶר הָאט מִיךְ אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט אִין דֶעם וויין־הויז, אוּנְד זֵיין פָאהְן אִיבֶּער מִיר אִיז גֶעוֶועזֶען לִיבֶּע:

5 לֶעהְנְט מִיךְ אוּנְטֶער מִיט רָאזִשִׁינְ־קֶעס, דֶערקְוִויקְט מִיךְ מִיט עֶפֶּעל־זַאפְּט, וָוארִין אִיךְ בִּין קְרַאנְק אוֹיס לִיבְּשַׁאפְט:

6 זֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד אִיז אוּנְטֶער מֵיין קָאפּ, אוּנְד זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד הַאלְזְט מִיךְ:

7 אִיךְ בֶּעשְׁוֶוער אֵייךְ, אוֹי אִיהְר טֶעכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, בֵּייא דִיא הֶערְשֶׁען, אָדֶער בֵּייא דִיא אִינְדֶען פוּן דֶעם פֶעלְד, אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט דֶערְוֶועקֶען אוּנְד אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ נִיט אוֹיפְוֶועקֶען דִיא לִיבֶּע בִּיז זִיא פֶערְ־לַאנְגְט עֶס:

8 (אִיךְ הֶער) דָאס קוֹל פוּן מֵיין גֶעְ־לִיבְּטֶען, זֶעה, עֶר קוּמְט, עֶר שְׁפְּרִינְגְט אוֹיף דִיא בֶּערְג, אוּנְד אוֹיף דִיא הֵייךְ:

9 מֵיין גֶעלִיבְּטֶער אִיז גֶעגְלִיכֶען צוּ אֵיין הִירְשׁ אָדֶער צוּ אַ יוּנְגֶען הִירְשׁ, זֶעה, עֶר שְׁטֶעהְט הִינְטֶער אוּנְזֶערֶע וַואנְד, עֶר קוּקְט אַרוֹיס פוּן דִיא פֶענְסְטֶער, עֶר ווייזְט זִיךְ דוּרְךְ דִיא שְׁפַּאלְטֶען:

10 מֵיין גֶעלִיבְּטֶער הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנְד צוּ מִיר גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אוֹיף, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, מֵיינֶע שֵׁיינֶע, אוּנְד קוּם אַוֶועק!

11 וָוארִין דֶער ווינְטֶער אִיז שׁוֹין פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, דֶער רֶעגֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִיז אוֹיךְ אַוֶועקְ־גֶעגַאנְגֶען:

12 דִיא בְּלוּמֶען וֶוערֶען שׁוֹין גֶעזֶעהֶען אִין דֶעם לַאנְד, דִיא צֵייט פוּן זִינְגֶען פוּן דִיא פֵייגֶעל אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד דָאס קוֹל פוּן דֶער טוּרְטֶעל־טוֹיבּ וֶוערְט שׁוֹין גֶעהֶערְט אִין אוּנְזֶער לַאנְד:

13 דֶער פֵייגֶענְבּוֹים בְּרֶענְגְט שׁוֹין אַרוֹיס זֵיינֶע פֵייגֶען, אוּנְד דֶער ווייְנ־שְׁטָאק חָאטְשֶׁע מִיט אוּמְצֵייטִיגֶע טְרוֹי־בֶּען גֶעבֶּען דָאךְ אַ גוּטֶען רֵיחַ, שְׁטֵייא אוֹיף, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, מֵיינֶע שֵׁיינֶע, אוּנְד קוּם אַוֶועק!

14 אוֹי מֵיינֶע טוֹיבּ, וָואס דוּא בִּיזְט אִין דִיא שְׁפַּאלְטֶען פוּן דֶעם פֶעלְז, אִין דִיא בֶּעהַאלְטֶענֶע שְׁטַאפֶּעלְן, לָאז מִיךְ דָאךְ זֶעהֶען דֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט, לָאז מִיךְ דָאךְ הֶערֶען דֵיין קוֹל, וָוארִין דֵיין קוֹל אִיז זִיס, אוּנְד דֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט אִיז זֶעהְר לִיבְּלִיךְ!

15 לָאמֶער דָאךְ חַאפֶּען דִיא פִּיקְ־סֶעלֶעךְ, דִיא קְלֵיינֶע פִּיקְסֶעלֶעךְ, וָואס פֶערְדַארְבֶּען דִיא ווייְנְגֶערְטֶען, וָוארִין אוּנְזֶערֶע ווייְנְגֶערְטֶען בְּלִיהֶען שׁוֹין:

16 מֵיין גֶעלִיבְּטֶער אִיז מֵיין, אוּנְד אִיךְ בִּין זֵיין, עֶר ווייְדֶעט זִיךְ צְווִישֶׁען דִיא רוֹיזֶען:

17 בִּיז דֶער טָאג װֶערְט קִיהְל, אוּנְד
דִּיא שָׁאטֶענְס זֶענֶען פֶערְלָאפֶען, קֶעהְר
דִיךְ אוּם, מֵיין גֶעלִיבְּטֶער, זַייא גְלַייךְ
צוּ אַ הִירְשׁ, אָדֶער צוּ אַ יוּנְגֶען הִירְשׁ,
אוֹיף דִּיא בֶּערְג פוּן בָּתֶר:

## קאפיטעל ג

1 אוֹיף מֵיין בֶּעט אַלֶע נַאכְט, הָאבּ
אִיךְ דֶעם גֶעזוּכְט, וָואס מֵיינֶע זֶעעלֶע
הָאט לִיבּ, אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעזוּכְט,
אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אִיהְם נִיט גֶעפוּנֶען:
2 אִיךְ װֶעל אַצוּנְד אוֹיפְשְׁטֵיין, אוּנְד
אִיךְ װֶעל אוּמְרִינְגֶעלְן דִּיא שְׁטָאט, אִין
דֶעם מַארְק, אוּנְד אִין דִּיא בְּרֵייטֶע
גַאסֶען, אִיךְ װֶעל דֶעם זוּכֶען וָואס
מֵיינֶע זֶעעלֶע לִיבְּט, אִיךְ הָאבּ אִיהְם
גֶעזוּכְט אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אִיהְם נִיט
גֶעפִינֶען:
3 דִּיא װֶעכְטֶער וָואס גֵייעֶן אַרוּם אִין
דִּיא שְׁטָאט הָאבֶּען מִיךְ גֶעפוּנֶען, (אִיךְ
הָאבּ זֵייא גֶעפְרֶעגְט) הָאט אִיהְר דֶעם
גֶעזֶעהֶען וָואס מֵיינֶע זֶעעלֶע לִיבְּט?
4 אִיךְ בִּין נָאר אַ שְׁטִיקֶעלֶע פוּן זֵייא
אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ דֶעם
גֶעפוּנֶען וָואס מֵיינֶע זֶעעלֶע לִיבְּט, אִיךְ
הָאבּ אִיהְם אָנְגֶעכַאפְּט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
אִיהְם נִיט אַװֶעקְגֶעלָאזְט, בִּיז אִיךְ הָאבּ
אִיהְם גֶעבְּרֶענְגְט צוּ דֶעם הוֹיז פוּן
מֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד אִין דִּיא קַאמֶער
אַרֵיין פוּן דִּיא וָואס הָאט מִיט מִיר
גֶעטְרָאגֶען:
5 אִיךְ בֶּעשְׁװֶער אֵייךְ, אוֹי אִיהְר
טֶעכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, בֵּייא דִּיא הִירְ־
שֶׁען אָדֶער בֵּייא דִּיא אִינְדֶען פוּן דֶעם
פֶעלְד, אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט דֶערְ־
װֶעקֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ נִיט
אוֹיפְװֶעקֶען דִּיא לִיבֶּע בִּיז זִיא פֶערְ־
לַאנְגְט עֶס:
6 װֶער אִיז דִיא דָאזִיגֶע וָואס גֵייט
אַרוֹיף פוּן דֶער מִדְבָּר אַזוֹי וִויא רוֹיךְ־
זֵיילֶען, וָואס דֶעמְפְּפְט גֶעװֶערְץ אוּנְד
װֵייְרוֹיךְ, מִיט גֶעװֶערְץ שְׁטוֹיבּ פוּן אֵיין
אַפָּאטֶעקֶער?
7 זֶעה, זֵיין בֶּעט אִיז שְׁלֹמֹה'ס, זֶעכְצִיג
שְׁטַארְקֶע הֶעלְדֶען פוּן דִיא גִבּוֹרִים פוּן
יִשְׂרָאֵל אוּמְרִינְגֶעלְן עֶס:
8 זֵייא אַלֶע הַאלְטֶען אַ שְׁװֶערְט, זֵייא
זֶענֶען גֶעלֶערְנְט אִין דֶער מִלְחָמָה,
אִיטְלִיכֶער הָאט זֵיין שְׁװֶערְט אוֹיף זֵיין
דִיכְט, פוּן װֶעגֶען דֶער פָּארְכְט בֵּייא
נַאכְט:
9 דֶער מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט
אַ טְרָאג־שְׁטוּל אָדֶער (אַ בֶּעט) פוּן
דֶעם הָאלְץ אוֹיס לְבָנוֹן:
10 דִיא זֵיילֶען דֶערְפוּן הָאט עֶר גֶע־
מַאכְט אוֹיס זִילְבֶּער, דִיא אוּנְטֶערְשְׁטֶע
זֵייטֶען אוֹיס גָאלְד, דָאס גֶעזֶעס פוּן
פּוּרְפּוּל, דָאס אִינֶעװֵיינִיגְסְטֶע אִיז גֶע־
װֶעזֶען גֶעפְלַאסְטֶערְט דוּרְךְ לִיבְּשַׁאפְט,
פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם:
11 גֵייט אַרוֹיס, אוֹי אִיהְר טֶעכְטֶער
פוּן צִיּוֹן, אוּנְד זֶעהְט דֶעם קֶענִיג
שְׁלֹמֹה, מִיט דִיא קְרוֹין מִיט װֶעלְכֶע
זֵיינֶע מוּטֶער הָאט אִיהְם גֶעקְרֵיינְט אִין
דֶעם טָאג פוּן זֵיינֶע חֲתוּנָה, אוּנְד אִין
דֶעם טָאג פוּן דִיא פְרֵייד פוּן זֵיין
הַארְץ:

## קאפיטעל ד

1 זֶעה, דוּא בִּיזְט שֵׁיין, מֵיינֶע גֶע־
לִיבְּטֶע! זֶעה, דוּא בִּיזְט שֵׁיין, דוּא
הָאסְט טוֹיבֶּען־אוֹיגֶען, אִינֶעװֵיינִיג פוּן
דֵיינֶע לָאקֶען, דֵיינֶע הָאר זֶענֶען אַזוֹי
וִויא אַ סְטַאדֶע פוּן צִיגֶען וָואס קוּמֶען
אָן פוּן דֶעם בַּארְג גִלְעָד:
2 דֵיינֶע צֵיין זֶענֶען אַזוֹי וִויא אֵיינֶע

סְטַאדֶע אָפְּגֶעשׁוירֶענֶע שָׁאף וָואס קוּמֶען אַרוֹיף פוּן דֶעם וַואשֶׁען, וָואס אִיטְלִיכֶעם גֶעוְוינְט צְווִילִינְגֶע, אוּנְד עֶס אִיז קֵיינֶע פֶּערְוַוארְפוּנְג נִיט אִין זֵייא:

3 דֵיינֶע לִיפֶּען זֶענֶען אַזוֹי וִויא אַ רוֹיטֶער פָּאדֶעם, אוּנְד דֵיינֶע רֵייד זֶענֶען לִיבְּלִיךְ, דֵיין שְׁלֵייף אִיז אַזוֹי וִויא אֵיין הַאלְבֶּער מִילְגְרוֹים אִינֶעוֵויי־נִיג פוּן דֵיינֶע לָאקֶען:

4 דֵיין הַאלְז אִיז אַזוֹי וִויא דֶער טוּרֶעם פוּן דָוִד, וָואס אִיז אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט כְּדֵי דַארוֹיף אוֹיפְצוּהֶענְגֶען דִיא שְׁוֶוערְ־מֶער אוּנְד טוֹיזֶענְדֶער פוּן שִׁילְדֶען, אַלֶע שִׁילְדֶען פוּן דִיא גִבּוֹרִים:

5 דֵיינֶע צְווייא בְּרִיסְטֶען זֶענֶען אַזוֹי וִויא צְווייא יוּנְגֶע הִירְשֶׁען וָואס זֶענֶען צְווִילִינְגֶע, וָואס פַּאשֶׁען זִיךְ צְווִישֶׁען דִיא רוֹיזֶען:

6 בִּיז דֶער טָאג וֶוערְט קִיהְל, אוּנְד דִיא שָׁאטֶענְ'ס זֶענֶען פֶערְלָאפֶען, אִיךְ וֶועל מִיר אַהִינְגֵיין צוּ דֶעם בַּארְג פוּן מוֹר, אוּנְד צוּ דֶער הֵייךְ פוּן לְבוֹנָה (וֵויירוֹיךְ):

7 דוּא בִּיזְט גַאנְץ שֵׁיין מֵיינֶע גֶע־לִיבְּטֶע, אוּנְד עֶס אִיז נִיט קֵיין פֶעהְלֶער אִין דִיר:

8 (קוּם) מִיט מִיר פוּן לְבָנוֹן מֵיינֶע כַּלָּה, קוּם מִיט מִיר פוּן לְבָנוֹן, דוּא וֶועסְט אַרוּפְּקוּקֶען פוּן דֶער שְׁפִּיץ פוּן אֲמָנָה, פוּן דֶער שְׁפִּיץ פוּן שְׂנִיר אוּנְד חֶרְמוֹן, פוּן דִיא וְואוֹינוּנְגֶען פוּן דִיא לֵייבֶּען, פוּן דִיא בֶּערְג פוּן דִיא לֶעמְפֶּערְטֶס:

9 דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעהַארְצְט, מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, מֵיינֶע כַּלָּה, דוּא הָאסְט גֶעהַארְצְט מִיט אֵיינֶעם פוּן דֵיינֶע אוֹיגֶען, מִיט אֵיינֶע קֵייט פוּן דֵיין הַאלְז:

10 אוֹי וִויא שֵׁיין אִיז דֵיינֶע לִיבֶּע, מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, מֵיינֶע כַּלָּה! אוֹי וִויא פִיל בֶּעסֶער אִיז דֵיינֶע לִיבֶּע וִויא וויין! אוּנְד דֶער רֵיחַ פוּן דֵיינֶע גוּטֶע אֵיילֶען מֶעהְר וִויא אַלֶע בְּשָׂמִים!

11 דֵיינֶע לִיפֶּען, מֵיינֶע כַּלָּה, טְרִיפֶען זִיסְקֵייט, הָאנִיג אוּנְד מִילְךְ זֶענֶען אוּנְטֶער דֵיינֶע צוּנְג, אוּנְד דֶער רֵיחַ פוּן דֵיינֶע קְלֵיידֶער אִיז אַזוֹי וִויא דֶער רֵיחַ פוּן לְבָנוֹן:

12 אֵיין פֶערְשְׁלָאסֶענֶער גָארְטֶען אִיז מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, מֵיינֶע כַּלָּה, אֵיין פֶערְשְׁלָאסֶענֶער קְוַואל, אֵיין פֶערְ־חַתְמְתְ'ר קְוַואל־בְּרוּנֶען:

13 דֵיינֶע פְּלַאנְצֶען זֶענֶען אַזוֹי וִויא אַ לוּסְט־גָארְטֶען מִיט מִילְגְרוֹימֶען, מִיט זִיסֶע פֵּירוֹת, מִיט קַאנְפֶער אוּנְד מִיט גֶעווירְץ:

14 טֵייעֶרֶע גֶעווירְץ אוּנְד זַאפְרָן, קַאלְמוּס אוּנְד צִימֶערוּנְד, מִיט אַלֶערְלֵייא בֵּיימֶער פוּן וֵויירוֹיךְ, מוֹר אוּנְד אַלָאעֶן, אוּנְד מִיט אַלֶערְלֵייא טֵייעֶרֶע בְּשָׂמִים:

15 (דוּא בִּיזְט) אַ גָארְטֶען־קְוַואל, אַ בְּרוּנֶען פוּן לֶעבֶּעדִיג וַואסֶער, וָואס רִינֶען פוּן דֶעם לְבָנוֹן:

16 דֶערְוֶועק דִיךְ, דוּא צָפוֹן־ווִינְד, אוּנְד קוּם דוּא דָרוֹם־ווִינְד, אוּנְד בְּלָאז אִיבֶּער מֵיין גָארְטֶען, כְּדֵי זֵיינֶע גֶע־ווירְצֶען זָאלֶען רִינֶען, לָאז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער קוּמֶען צוּ זֵיין גָארְטֶען, אוּנְד לָאז עֶר עֶסֶען פוּן זֵיינֶע טֵייעֶרֶע (זִיסֶע) פֵּרוֹת:

קאפיטעל ה

1 אִיךְ בִּין אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צוּ מֵיין גָארְטֶען, מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, מֵיינֶע כַּלָּה, אִיךְ הָאבּ אָפְּגֶעפְּלִיקְט מֵיין מוֹר, מִיט מֵיין גֶעווירְץ, אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעסֶען מֵיין

רֵיינֶעם הָאנִיג מִיט מֵיין ווִילְדֶען הָאנִיג, אִיךְ הָאבּ גֶעטְרוּנְקֶען מֵיין וויין מִיט מֵיינֶע מִילְךְ; עֶסְט אוּנְד טְרִינְקְט, מֵיינֶע לִיבֶּע פְּרֵיינְדֶע, יוא, טְרִינְקְט אוּנְד וֶוערְט בֶּעטְרוּנְקֶען פוּן וֶועגֶען דִיא לִיבְּשַׁאפְט:

2 אִיךְ שְׁלָאף אָבֶּער מֵיין הַארְץ הָאט גֶעוַואכְט; עֶס אִיז דָאס קוֹל פוּן מֵיין גֶעלִיבְּטֶען, עֶר קְלַאפְּט אָן, מַאךְ מִיר אוֹיף, מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, מֵיינֶע טוֹיבּ, מֵיינֶע גַאנְצֶע וָוארִין מֵיין קָאפּ אִיז אָנְגֶעפִילְט מִיט טוֹיא, אוּנְד מֵיינֶע לָאקֶען מִיט דִיא טְרָאפֶּען פוּן דֶער נַאכְט:

3 אִיךְ הָאבּ אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען מֵיין קְלֵייד, ווִיא זָאל אִיךְ מִיךְ ווִידֶער אָנְקְלֵיידֶען? אִיךְ הָאבּ מִיר גֶעוַואשֶׁען מֵיינֶע פִּיס, ווִיא זָאל אִיךְ זֵייא ווִידֶער אֵיינְרִיכְטֶען?

4 מֵיין גֶעלִיבְּטֶער הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיינֶע הַאנְד דוּרְךְ דֶעם פֶענְסְטֶער, אוּנְד מֵיינֶע גֶעדֶערְם הָאבֶּען גֶעבְּרוּמְט אִין מִיר:

5 אִיךְ בִּין אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען צוּ מֵיין גֶעלִיבְּטֶען אוֹיפְצוּמַאכֶען, אוּנְד מֵיינֶע הֶענְד הָאבֶּען גֶעטְרִיפְט מִיט מוֹר, אוּנְד מֵיינֶע פִינְגֶער מִיט זִיסֶע גֶעשְׁמַאקֶע גֶעוֶוערְצֶען אוֹיף דִיא זֵייטֶען פוּן דֶעם שְׁלָאס:

6 אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעמַאכְט צוּ מֵיין גֶעלִיבְּטֶען, אָבֶּער מֵיין גֶעלִיבְּטֶער הָאט זִיךְ פֶערְצוֹיגֶען אוּנְד אִיז פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, מֵיינֶע נְשָׁמָה אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען וֶוען עֶר הָאט גֶערֶעט, אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעזוּכְט אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אִיהְם נִיט גֶעפוּנֶען, אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶערוּפֶען אָבֶּער עֶר הָאט מִיר נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט:

7 עֶס הָאבֶּען מִיךְ גֶעפוּנֶען דִיא שׁוֹמְרִים וָואס טְהוּעֶן אוּמְרִינְגֶעלְן דִיא שְׁטָאט, זֵייא הָאבֶּען מִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען, זֵייא הָאבֶּען מִיךְ פֶערְווָאוּנְדֶעט, דִיא וָואס הִיטֶען דִיא מוֹיעֶרְן הָאבֶּען אַוֶועקְגֶענוּמֶען מֵיינֶע צִירוּנְג (מֵיין שְׁלֵייעֶר) פוּן מִיר:

8 אִיךְ בֶּעשְׁוֶוער אֵייךְ, אוֹי אִיהְר טֶעכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוֹיבּ אִיהְר וֶועט גֶעפִינֶען מֵיין גֶעלִיבְּטֶען אַז אִיהְר זָאלְט אִיהְם זָאגֶען, אַז אִיךְ בִּין קְרַאנְק פוּן וֶועגֶען דֶער לִיבְּשַׁאפְט:

9 וָואס אִיז דֶען דֵיין גֶעלִיבְּטֶער מֶעהְר ווִיא אֵיין אַנְדֶערֶער גֶעלִיבְּטֶער, אוֹי דוּא שֵׁיינֶע אוּנְטֶער דִיא ווַייבֶּער? וָואס אִיז דֶען דֵיין גֶעלִיבְּטֶער מֶעהְר ווִיא אֵיין אַנְדֶערֶער גֶעלִיבְּטֶער דָאס דוּא טְהוּסְט אוּנְס אַזוֹי בֶּעשְׁוֶוערֶען?

10 מֵיין גֶעלִיבְּטֶער אִיז קְלָאר ווַייס אוּנְד רוֹיט, דֶער בֶּעגֶעהְרְטֶעסְטֶער פוּן צֶעהְן־טוֹיזֶענְדֶער:

11 זֵיין קָאפּ אִיז אַזוֹי ווִיא דָאס פֵיינְסְטֶע גָאלְד, זֵיינֶע לָאקֶען זֶענֶען דִיק אוּנְד שְׁוַוארְץ אַזוֹי ווִיא דִיא רָאבֶּען:

12 זֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אַזוֹי ווִיא טוֹיבֶּען־אוֹיגֶען, בֵּייא דִיא וַואסֶער־טֵייכֶען, גֶעוַואשֶׁען אִין מִילְךְ אוּנְד זִיצֶען אַזוֹי ווִיא אֵיינְגֶעפַּעסְטֶע יוּוֶועלֶען:

13 זֵיינֶע קִין־בַּאקֶען זֶענֶען אַזוֹי ווִיא אַ בֶּעט פוּן בְּשָׂמִים, טוּרְמֶען פוּן זִיסֶע בְּלוּמֶען, זֵיינֶע לִיפֶּען זֶענֶען אַזוֹי ווִיא בְּלוּמֶען וָואס טְרִיפֶען זִיס גֶעשְׁמַאקֶען מוֹר:

14 זֵיינֶע הֶענְד זֶענֶען ווִיא גָאלְדֶענֶע רִינְגֶען אֵיינְגֶעפַאסְט מִיט טֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער (תַּרְשִׁישׁ), זֵיינֶע גֶעדֶערְם זֶענֶען אַזוֹי ווִיא עֶלֶעפַאנְדֶען־בֵּיין אֵיינְגֶעפַאסְט מִיט סַאפִּיר־שְׁטֵיינֶער:

15 זײנע שענקעלן זענען אזוי װיא
זײלען פון מארמאר־שטײן געגרונדעט
אויף שװעלען פון רײן גאלד, זײנע
געשטאלט איז אזוי װיא דער לבנון,
אויסדערװײלט װיא דיא טענען־בײמער:
16 זײן גומען איז אים גאנצען זיס,
אונד אים גאנצען גלוסטיג—דער דא־
זיגער איז מײן געליבטער, אונד דער
דאזיגער איז מײן פרײנד, אוי איהר
טעכטער פון ירושלים:

קאפיטעל ו

1 אװאו איז דײן געליבטער אהינ־
געגאנגען, אוי דוא שײנע אונטער דיא
װײבער? אװאו האט זיך דײן געליב־
טער אהינגעקעהרט? מיר װעלען
איהם מיט דיר זוכען:
2 מײן געליבטער איז ארופגעגאנגען
צו זײן גארטען, צו דיא בײטען פון
בשמים זיך צו װײדען אין דיא גערטען,
אונד צו פליקען רויזען:
3 איך געהער צו מײן געליבטען
אונד מײן געליבטער געהערט צו מיר,
ער װײדעט צװישען דיא רויזען:
4 דיא ביזט שײן, אוי מײנע געליבטע,
אזוי װיא תרצה, אזוי שײן װיא
ירושלים, פארכטערליך אזוי װיא
חילות מיט פעהנער:
5 קעהר אװעק דײנע אויגען פון
מיר, װארין זײא איבערװעלטיגען מיך,
דײנע האאר זענען אזוי װיא א
סטאדע ציגען, װאס נידערן ארופ פון
דעם בארג גלעד:
6 דײנע צײן זענען אזוי װיא א
סטאדע אפגעשױרענע שאף, װאס
קומען ארויף פון דעם װאשען, װאס
איטליכעס געװינט צװילינגע, אונד עס
איז קײנע פערװארפונג ניט אין זײא:
7 דײנע שלײף איז אזוי װיא אײן
האלבער מילגרוים פון אינעװײניג פון
דײנע לאקען:
8 זײא זענען זעכציג מלכות, אונד
אכציג קעבס־װײבער, אונד יונגפרויען
אהן א צאל:
9 אבער אײנע איז מײנע טויב,
מײנע אומבעפלעקטע, זיא איז דיא
אײנציגע פון איהר מוטער, זיא איז
דיא אויסדערװײלטע פון דיא װאס
האט זיא געבוירען, דיא טעכטער
האבען זיא געזעהען, אונד זײא האבען
זיא געבענשט, דיא מלכות אונד דיא
קעבס־װײבער האבען זיא געלויבט:
10 װער איז דיא דאזיגע װאס קוקט
ארויס אזוי װיא דער מארגען, אזוי
שײן װיא דיא לבנה, קלאר אזוי װיא
דיא זון, פארכטערליך אזוי װיא דיא
חילות מיט פעהנער?
11 צו דעם ניס־גארטען בין איך
ארופגעגאנגען צו זעהען דיא פירות
פון דעם טהאל, אונד צו זעהען אויב
דער װײנשטאק האט געבליהט, אדער
אויב דיא מילגרוימען בליהען:
12 אײדער איך האב עס געװואוסט
האט מיך מײנע זעלע געמאכט אזוי
װיא דיא רײטװעגען פון עמי־נדיב:

קאפיטעל ז

1 קעהר צוריק, קעהר צוריק, אוי
דוא שולמית! קעהר צוריק, קעהר
צוריק, כדי מיר זאלען דיך קענען
אנקוקען! װאס זעהט איהר דען אין
דער שולמית? זיא איז אזוי װיא צװײא
חילות:
2 װיא שײן זענען דײנע טריט אין
דיא שיך, אוי דוא טאכטער פון א
פרינץ! דיא בעװעגונג פון דײנע

דיכטען

דיכְטֶען זֶענֶען אַזוֹי וויא טֵייגֶע
יוּבֶעלֶען, דיא הַאנְד אַרְבֵּייט פוּן אַ
קִינְסְטְלֶער׃
3 דֵיין נָאפֶּעל אִיז אַזוֹי וויא אַ קֵיי־
לֶעכְדִיגֶער בֶּעכֶער, וָואס פֶעהְלְט אִיהְם
קֵיינְמָאל נִיט קֵיין גֶעמִישְׁטֶען וויין, דֵיין
בּויךְ אִיז אַזוֹי וויא אַ הויפֶען ווייץ,
אַרוּמְגֶעצוֹימְט מִיט רויזֶען׃
4 דֵיינֶע צְווייא בְּרִיסְטֶען זֶענֶען אַזוֹי
וויא צְווייא יוּנְגֶע הִירְשֶׁען וָואס זֶענֶען
צְווִילִינְגֶע׃
5 דֵיין הַאלְז אִיז אַזוֹי וויא אַ טָארֶעם
פוּן עֶלֶעפַאנְדֶען בֵּיין; דֵיינֶע אויגֶען
זֶענֶען אַזוֹי וויא דִיא טֵייכֶען אִין חֶשְׁבּוֹן
בֵּייא דֶעם טוֹיעֶר פוּן בַּת רַבִּים; דֵיינֶע
נָאז אִיז אַזוֹי וויא דֶער טָארֶעם פוּן
לְבָנוֹן, וָואס קוּקְט אַהִין נָאךְ דַמֶשֶׂק׃
6 דֵיין קָאפּ אִיז אויף דִיר אַזוֹי וויא
כַּרְמֶל, אוּנְד דִיא לַאנְגֶע הָאאָר פוּן
דֵיין קָאפּ אִיז אַזוֹי וויא דָאס פּוּרְפּוּל
פוּן אַ מֶלֶךְ, גֶעבּוּנְדֶען אִין דִיא לַאנְגֶע
לָאקֶען׃
7 אוֹי וויא שֵׁיין אוּנְד וויא לִיבְּלִיךְ
בִּיזְט דוּא, אוֹי גֶעלִיבְּטֶע מִיט דִיא
זָענְפְטִיגְקֵייטֶען!
8 דִיא דָאזִיגֶע דֵיינֶע הֵייךְ אִיז גֶע־
גְלִיכֶען צוּ אַ טֵייטֶעלְבּוֹים, אוּנְד דֵיינֶע
בְּרִיסְטֶען צוּ הֶענְגֶעל פוּן ווייְנְטְרוֹיבֶּען׃
9 אִיךְ הָאבּ מִיר גֶעטְרַאכְט אַרוֹיפְצוּ־
קְלֶעטֶערְן צוּ דֶעם טֵייטֶעלְבּוֹים, אוּנְד
אִיךְ וֶועל אָנְחַאפֶּען אִין זֵיינֶע צְווייגֶען,
אוּנְד דֵיינֶע בְּרִיסְטֶען זָאלֶען זַיין אַזוֹי
וויא הֶענְגֶעל פוּן ווייְנְטְרוֹיבֶּען, אוּנְד
דֶער רֵיחַ פוּן דֵיינֶע נָאז אַזוֹי וויא
עֶפֶּעל׃
10 אוּנְד דֵיין גוּימֶען אַזוֹי וויא דֶער
בֶּעסְטֶער ווייְן פַאר מֵיין גֶעלִיבְּטֶען
וָואס גֵייט אוֹיפְרִיכְטִיג, וָואס מַאכְט
רֶעדֶען אֲפִילוּ דִיא לִיפֶּען פוּן דִיא
שְׁלָאפֶענְדִיגֶע׃
11 אִיךְ גֶעהֶער צוּ מֵיין גֶעלִיבְּטֶען,
אוּנְד זֵיין פֶערְלַאנְגֶען אִיז צוּ מִיר׃
12 קוּם, מֵיין גֶעלִיבְּטֶער, לָאמֶיר
אַרוֹיסְגֵיין אויף דֶעם פֶעלְד, לָאמֶיר
אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען אִין דִיא דֶערְפֶער׃
13 לָאמֶיר פְרִיה אוֹיפְשְׁטֵיין צוּ דִיא
ווייְנְגֶערְטֶען, לָאמֶיר זֶעהֶען אוֹיבּ דֶער
ווייְנְשְׁטָאק בְּלִיהְט, אוֹיבּ דִיא בְּלוּמֶען
הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוֹיבּ דִיא
מִילְגְרוֹימֶען בְּלִיהֶען שׁוֹין, דָארְטֶען
וֶועל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען מֵיינֶע לִיבְּשַׁאפְט׃
14 דִיא (גוּטֶע) פֵייגֶען גֶעבֶּען אַ גוּטֶען
רֵיחַ, אוּנְד בֵּייא אוּנְזֶערֶע טִירֶען זֶענֶען
אַלֶערְלֵייא לִיבְּלִיכֶע פֵּירוֹת, נֵייעֶ אוּנְד
אויךְ אַלְטֶע, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ בֶּע־
הַאלְטֶען פַאר דִיר מֵיין גֶעלִיבְּטֶער׃

## קאפיטעל ח

1 הַלְוַאי הֶעסְט דוּא צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען
אַזוֹי וויא אַ בְּרוּדֶער, וָואס הָעט גֶע־
זוֹיגֶען דִיא בְּרוּסְט פוּן מֵיינֶע מוּטֶער!
וֶוען אִיךְ הֶעט דִיךְ דְרוֹיסֶען גֶעפוּנֶען
אַזוֹי הֶעט אִיךְ דִיךְ גֶעקִישְׁט, יוֹא זֵייא
וָואלְטֶען מִיךְ אויךְ נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט׃
2 אִיךְ הֶעט דִיךְ גֶעפִיהְרְט, אוּנְד אִיךְ
הֶעט דִיךְ אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם הוֹיז
פוּן מֵיינֶע מוּטֶער, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט
מִיךְ בֶּעלֶעהְרֶען, אִיךְ הֶעט דִיר גֶע־
גֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען גֶעשְׁמַאקֶען ווייְן
אוּנְד זַאפְט פוּן מֵיינֶע מִילְגְרוֹימֶען׃
3 זֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד אִיז אוּנְטֶער
מֵיין קָאפּ, אוּנְד זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד
טְהוּט מִיךְ הַאלְזֶען׃
4 אִיךְ בֶּעשְׁוֶוער אֵייךְ, אִיהְר טֶעכְטֶער
פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט

דערוועקען אונד אז איהר זאלט ניט אויפוועקען די ליבע ביז זיא פערלאנגט עס :

5 ווער איז דאס דיזע וואס קומט ארויף פון דער מדבר, אנגעלעהנט אויף איהר געליבטען ? איך האב דיך אויפגעוועקט פון אונטער דעם אפעל־בוים, דארטען האט דיינע מוטער וועגען דיר געהאט געבורטס־שמערצען, דארטען האט דיך דיינע מוטער געבוירען :

6 מאך מיך אזוי וויא א חותם אויף דיין הארץ, אזוי וויא א חותם אויף דיין ארעם, וואָרין ליבע איז אזוי שטארק וויא דער טויט, אזוי הארט וויא דיא גרוב איז איהר קנאה, איהרע קוילען זענען קוילען פון פייער פלאמען (פון גאט) :

7 פילע וואסערן קענען ניט אויסלעשען דיא ליבע, אונד טייכען וועלען זיא ניט קענען פערפלייצען, אפילו ווען א מענש וועט געבען דאס גאנצע פערמעגען פון זיין הויז פאר דיא ליבע, אזוי וועט עס צו איהם זעהר פעראכטעט ווערען :

8 מיר האבען א קליינע שוועסטער, אונד זיא האט נאך ניט קיינע בריסטען, וואס זאלען מיר טהון צו אונזערע שוועסטער אין דעם טאג ווען מען וועט וועגען איהר (א שדוך) רעדען ?

9 ווען זיא האט געוועזען א מויער, אזוי האטען מיר געבויעט אויף איהר א זילבערנעם פאלאסט, אונד ווען זיא האט געוועזען א טיהער, אזוי האטען מיר זיא בעלאגערט מיט טאפעלן פון טענענבוימער :

10 יוא, איך בין א מויער, אונד מיינע בריסטען זענען אזוי וויא טהארמער, דענסטמאל בין איך געוועזען אין זיינע אויגען אזוי וויא איינע וואס האט געפונען שלום :

11 שלמה האט א וויינגארטען אין בעל המון, ער האט איבערגעגעבען דעם גארטען צו דיא היטערס, איטליכער מאן זאל ברענגען פאר זיינע פירות טויזענד שטיק זילבער :

12 מיין וויינגארטען געהערט צו מיר, אבער דוא, אוי שלמה, מוסט האבען דיא טויזענד שטיק זילבער, אונד דיא וואס היטען דיא פירות דערפון צוויא הונדערט :

13 דוא וואס וואוינסט אין דיא גערטען, דיא חברים (פערנעמען) הערען דיין קול, לאז מיך עס דאך הערען !

14 לויף אוועק, מיין געליבטער, אונד זייא גלייך צו א הירש, אדער צו א יונגען הירש אויף דיא בערג פון דיא בשמים :

# חזה

אלע פסוקים פון דעם ספר שיר השירים זענען איין הונדערט אונד זיבעצען, דיא העלפט דערפון איז קאפיטעל ד׳ פסוק י״ד ; אונד האט אכט קאפיטעל :

# רוּת

## קאפיטעל א

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא
טֶעג וֶוען דִיא שׁוֹפְטִים הָאבֶּען רֶעגִירְט,
אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען אַ הוּנְגֶער'ס-נוֹיט
אִין דֶעם לַאנְד, אוּנְד אַ מַאן אִיז
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוֹים בֵּית לֶחֶם יְהוּדָה,
כְּדֵי צוּ וְואוֹינֶען אִין דֶעם פֶּעלְד פוּן
מוֹאָב, עֶר אוּנְד זֵיין וַוייבּ אוּנְד זֵיינֶע
צְוֵייא זִיהְן:
2 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם מַאן
אִיז גֶעוֶועזֶען אֱלִימֶלֶךְ, אוּנְד דֶער נָאמֶען,
פוּן זֵיין וַוייבּ נָעֳמִי, אוּנְד דִיא נֶעמֶען
פוּן זֵיינֶע צְוֵייא זִיהְן מַחְלוֹן אוּנְד
כִּלְיוֹן, אוֹים אֶפְרָת פוּן בֵּית לֶחֶם יְהוּדָה,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם
פֶּעלְד פוּן מוֹאָב אוּנְד זֵייא זֶענֶען דָארְט
גֶעוֶועזֶען:
3 אוּנְד אֱלִימֶלֶךְ דֶער מַאן פוּן נָעֳמִי
אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד זִיא אִיז אִיבֶּערְד-
גֶעבְּלִיבֶּען מִיט אִיהְרֶע צְוֵייא זִיהְן:
4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּמֶען
וַוייבֶּער פוּן מוֹאָב, דֶער נָאמֶען פוּן
אֵיינֶער אִיז גֶעוֶועזֶען עָרְפָּה, אוּנְד דֶער
אַנְדֶערֶער רוּת, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
דָארְטֶען גֶעבְּלִיבֶּען אַן עֶרֶךְ פוּן צֶעהְן
יָאהְר:
5 אוּנְד זֵייא בֵּיידֶע, מַחְלוֹן אוּנְד כִּלְיוֹן
זֶענֶען אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד דִיא
פְרוֹיא אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן אִיהְרֶע
צְוֵייא זִיהְן אוּנְד פוּן אִיהְר מַאן:
6 אַזוֹי אִיז זִיא אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען מִיט
אִיהְרֶע שְׁנוּר'ס, כְּדֵי צוּרִיקְצוּקֶעהְרֶען
פוּן דֶעם פֶּעלְד מוֹאָב, וָוארִין זִיא הָאט
גֶעהֶערְט אִין דִיא פֶּעלְדֶער פוּן מוֹאָב, אַז
גָאט הָאט גֶעדֶענְקְט אָן זֵיין פָאלְק,
כְּדֵי צוּ זֵייא צוּ גֶעבֶּען בְּרוֹיט:
7 אוּנְד זִיא אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן
דֶעם אָרְט וְואוּ זִיא אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד אִיהְרֶע צְוֵייא שְׁנוּר'ס מִיט
אִיהְר, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִין
דֶעם וֶועג כְּדֵי צוּרִיקְצוּקֶעהְרֶען צוּ דֶעם
לַאנְד יְהוּדָה:
8 אוּנְד נָעֳמִי הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְרֶע
צְוֵייא שְׁנוּרְס, גֵייט צוּרִיק אִיטְלִיכֶע צוּ
אֵייעֶר מוּטֶער'ס הוֹיז, אוּנְד לָאז גָאט
מִיט אֵייךְ טְהוּן חֶסֶד, אַזוֹי וִויא אִיהְר
הָאט גֶעטְהוּן מִיט דִיא טוֹיטֶע אוּנְד
מִיט מִיר:
9 לָאז אֵייךְ גָאט גֶעבֶּען אַז אִיהְר
זָאלְט גֶעפִינֶען מְנוּחָה, אִיטְלִיכֶע פְרוֹיא
אִין דֶעם הוֹיז פוּן אִיהְר מַאן. אוּנְד
זִיא הָאט זֵייא גֶעקוּשְׁט, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶר קוֹל אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעוֵויינְט:
10 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
(נֵיין)! נֵייעֶרְט מִיט דִיר וֶועלֶען מִיר
זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דֵיין פָאלְק:
11 אוּנְד נָעֳמִי הָאט גֶעזָאגְט, גֵייט
צוּרִיק, מֵיינֶע טֶעכְטֶער, פַארְוָואס וִוילְט
אִיהְר מִיט מִיר גֵיין? זֶענֶען דֶען נָאךְ
צוּ מִיר זִיהְן אִין מֵיינֶע גֶעדֶערְם, אַז
זֵייא זָאלֶען זֵיין צוּ אֵייךְ פַאר
מֶענֶער?
12 קֶעהְרְט צוּרִיק, מֵיינֶע טֶעכְטֶער,
גֵייט אֵייעֶר וֶועג, וָוארִין אִיךְ בִּין שׁוֹין
צוּ אַלְט דָאס אִיךְ זָאל נָאךְ הָאבֶּען אַ
מַאן

מאַן, װען איך זאָל זאָגען, איך האָב
נאָך אַ האָפֿענונג, אונד װען איך
װאָלט אַפּילו געװעזען דיזע נאַכט מיט
אַ מאַן, אונד זיהן געװינען:
13 װאָלט איהר דען געװאַרט ביז
זייא זענען אויפֿגעװאַקסען? װעט איהר
דען װעגען זייא בּלייבען עגונות, אַז
איהר זאָלט ניט זיין צו איין אַנדערן
מאַן? ניין מיינע טעכטער! עס איז
מיר זעהר בּיטער װעגען אייך, װאָרין
דיא האַנד פֿון גאָט איז קעגען מיר
אַרויסגעגאַנגען:
14 אונד זייא האָבען אויפֿגעהויבען
זייער קול אונד זייא האָבען נאָכאַמאָל
געװיינט, אונד ערפּה האָט געקושט
איהרע שװיגער, אָבער רות האָט זיך
אָן איהר בּעהעפֿט:
15 אונד זיא האָט געזאָגט, זעה,
דיינע שװעגערין איז צוריקגעגאַנגען
צו איהר פֿאָלק אונד צו איהר גאָט,
גייא דוא אויך נאָך דיינע שװעגערין:
16 אָבער רות האָט געזאָגט, בּעט
מיך ניט דיך צו פֿערלאָזען, אָדער דיר
נאָכצוגיין, װאָרין אַװאו אַהין דוא
װעסט גיין װעל איך אויך גיין, אונד
אַװאו דוא װעסט נעכטיגען װעל איך
אויך איבּערנעכטיגען, דיין פֿאָלק זאָל
זיין מיין פֿאָלק, אונד דיין גאָט זאָל
זיין מיין גאָט:
17 אַװאו דוא װעסט שטאַרבּען װעל
איך אויך שטאַרבּען, אונד דאָרט װיל
איך בּעגראָבּען װערען, גאָט זאָל אַזוי
צו מיר טהון, אונד נאָך מעהר,
נייערט דער טויט אַליין זאָל מאַכען
איינע אָפּשיידונג צװישען מיר אונד
צװישען דיר:
18 אונד װען זיא האָט געזעהען דאָס
זיא האָט זיך געשטאַרקט מיט איהר
מיט צוגיין, אַזוי האָט זיא אויפֿגעהערט
מיט איהר צו רעדען:
19 אונד זייא זענען בּיידע געגאַנגען
בּיז זייא זענען אָנגעקומען נאָך בּית
לחם, אונד עס איז געװעזען דאָס װען
זייא זענען אָנגעקומען אין בּית לחם,
אַזוי האָט זיך דיא גאַנצע שטאָט
פֿערװאונדערט איבּער זייא, אונד זייא
האָבּען געזאָגט, איז דיא דאָזיגע
נעמי?
20 אונד זיא האָט צו זייא געזאָגט,
איהר זאָלט מיך ניט רופֿען נעמי,
נייערט רופֿט מיך מרא, װאָרין דער
אַלמעכטיגער האָט מיך זעהר בּיטער
געמאַכט:
21 איך בּין פֿולערהייט אַװעקגע־
גאַנגען, אָבּער גאָט האָט מיך ליידי־
גערהייט צוריקגעבּראַכט, פֿאַרװאָס
זאָלט איהר מיך דען רופֿען נעמי,
װען גאָט האָט מיך געפּייניגט, אונד
דער אַלמעכטיגער האָט מיר געלאָזט
שלעכטעס טהון:
22 אַזוי זענען נעמי אונד רות דיא
מואַבּיה איהרע שנור מיט איהר צו־
ריקגעקומען פֿון דעם פֿעלד פֿון מואָב,
אונד זייא זענען געקומען נאָך בּית
לחם אין דעם אָנפֿאַנג פֿון דעם שניי־
דען פֿון דיא גערשט:

## קאפיטעל ב

1 אונד נעמי האָט געהאַט אַ פֿריינד
פֿון איהר מאַן, אַ גאַנץ רייכער מאַן,
פֿון דער משפּחה פֿון אלימלך, אונד
ער האָט געהייסען בּועז:
2 אונד רות דיא מואַביה האָט גע־
זאָגט צו נעמי, לאָז מיך דאָך גיין
אויף דעם פֿעלד, אונד איך װעל

קְלויבֶּען זַאנְגֶען הִינְטֶער דֶעם אִין
חֶעמֶעס אויגֶען אִיךְ וָועל גֶעפִינֶען חֵן ;
אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, גֵייא
מֵיינֶע טָאכְטֶער :
3 אוּנְד זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז
גֶעקוּמֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעקְלִיבֶּען
אוֹיף דֶעם פֶּעלְד הִינְטֶער דִיא שְׁנִי־
טֶערְס ; אוּנְד זִיא הָאט אָנְגֶעטְרָאפֶען
דָאס שְׁטִיק פֶּעלְד וָואס גֶעהֶער צוּ בּוֹעַז,
וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה
פוּן אֱלִימֶלֶךְ :
4 אוּנְד זֶעה, עֶר אִיז גֶעקוּמֶען פוּן
בֵּית לֶחֶם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דִיא שְׁנִיטֶערְס, גָאט זָאל זַיין מִיט
אֵייךְ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, גָאט זָאל דִיךְ בֶּענְשֶׁען :
5 אוּנְד בּוֹעַז הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע
יוּנְגֶען וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דִיא
שְׁנִיטֶערְס, צוּ וֶועמֶען גֶעהֶער דָאס
דָאזִיגֶע מֵיידֶעל ?
6 אוּנְד דֶער יוּנְג וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
אָנְגֶעשְׁטֶעלְט אִיבֶּער דִיא שְׁנִיטֶערְס
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, דָאס
מֵיידֶעל אִיז אַ מוֹאֲבִיָה וָואס אִיז
צוּרִיקְגֶעקוּמֶען מִיט נָעֳמִי פוּן דֶעם
פֶּעלְד מוֹאָב :
7 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט
אֵייךְ, לָאזְט מִיךְ דָאךְ קְלוֹיבֶּען אוּנְד
אֵיינְזַאמֶעלְן הִינְטֶער דִיא שְׁנִיטֶערְס,
צְווִישֶׁען דִיא גַארְבֶּען, אַזוֹי אִיז זִיא
גֶעקוּמֶען אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט
פוּן פְרִיהְמָארְגֶען אָן בִּיז אַצוּנְד, זִיא
אִיז נָאר אַ בִּיסֶעל גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
הוֹיז :
8 אוּנְד בּוֹעַז הָאט גֶעזָאגְט צוּ רוּת,
הֶערְסְט דוּא נִיט, מֵיינֶע טָאכְטֶער ?
דוּא זָאלְסְט נִיט גֵיין אִין קֵיין אַנְדֶער
פֶּעלְד קְלויבֶּען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ
נִיט פוּן דַאנֶען אִיבֶּערְפָאהְרֶען, נֵייעֶרְט
בְּלֵייבּ הִיעֶר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ
בֶּעהֶעפְטֶען צוּ מֵיינֶע יוּנְגֶע פְרוֹיעֶן :
9 לָאזֶען דֵיינֶע אויגֶען זַיין אוֹיף דֶעם
פֶּעלְד וָואוּ זֵייא שְׁנֵיידֶען, אוּנְד דוּא
קֶענְסְט הִינְטֶער זֵייא נָאכְגֵיין, פַאר־
וָואהְר אִיךְ הָאבּ דִיא יוּנְגֶען גֶעבָּאטֶען
אַז זֵייא זָאלֶען דִיךְ נִיט אָנְרִיהְרֶען,
אוּנְד וֶוען דוּא בִּיזְט דָארְשְׁטִיג אַזוֹי
זָאלְסְט דוּא אַהִינְגֵיין צוּ דִיא כֵּלִים
אוּנְד טְרִינְקֶען פוּן דֶעם אֵיינְגֶעסֶעם וָואס
דִיא יוּנְגֶען וֶועלֶען שֶׁעפֶּען :
10 אוּנְד זִיא אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף אִיהְר
פָּנִים, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ
דֶער עֶרְד, אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, פַארְוָואס הָאבּ אִיךְ גֶעפִינֶען
חֵן אִין דֵיינֶע אויגֶען אַז דוּא זָאלְסְט
מִיךְ אַנֶערְקֶענֶען, חָאטְשֶׁע אִיךְ בִּין אַ
פְרֶעמְדֶע :
11 אוּנְד בּוֹעַז הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, עֶס אִיז מִיר
גַאנְץ גוּט דֶערְצֵיילְט גֶעוָוארֶען וָואס
דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן צוּ דֵיינֶע שְׁווִיגֶער
נָאךְ דֶעם טוֹיט פוּן דֵיין מָאן, אוּנְד
וִויא דוּא הָאסְט פֶערְלָאזֶען דֵיין פָאטֶער
אוּנְד דֵיינֶע מוּטֶער אוּנְד דָאס לַאנְד
פוּן דֵיינֶע גֶעבוּרְט, אוּנְד דוּא בִּיזְט
גֶעגַאנְגֶען צוּ אַ פָאלְק וָואס דוּא הָאסְט
קֵיינְמָאל נִיט גֶעקֶענְט :
12 גָאט זָאל דִיר בֶּעצָאלֶען פַאר
דֵיין וֶוערְק, אוּנְד לָאז דֵיין שְׂכַר
דֶערְפַאר זַיין גַאנְץ פוּן יְהוָֹה, דֶעם
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, ווייל דוּא בִּיזְט גֶע־
קוּמֶען דִיךְ צוּ בֶּעשִׁיצֶען אוּנְטֶער זַיינֶע
פְלִיגֶעלְן :
13 אַזוֹי הָאט זִיא גֶעזָאגְט, לָאז מִיךְ

גֶעפִֿינֶען חֵן אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, מֵיין
הַאר! וָוארִין דוּא הָאסְט מִיךְ גֶע־
טְרֵייסְט, אוּנְד וֵוייל דוּא הָאסְט גֶערֶעט
צוּ דֶעם הַארְץ פוּן דֵיינֶע דִינְסְט־מוֹיד,
חָאטְשֶׁע אִיךְ בִּין נִיט אַזוֹי וִויא אֵיינֶע
פוּן דֵיינֶע דִינְסְט־מֵיידֶען:
14 אוּנְד בּוֹעַז הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
וֶוען עֶס אִיז צֵייט צוּ עֶסֶען, אַזוֹי
זָאלְסְט דוּא הִיעֶר אַהֶער גֶענֶעהֶנֶען,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶסֶען פוּן דֶעם
בְּרוֹיט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֵיין שְׁטִיק
בְּרוֹיט אֵיינְטוּנְקֶען אִין דֶעם עֶסִיג, אוּנְד
זִיא הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט נֶעבֶּען דִיא
שְׁנִיטֶערְס, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְר דֶערְ־
רַאנְגְט גֶעבְּרֶענְטֶע זַאנְגֶען, אוּנְד זִיא הָאט
גֶעגֶעסֶען, אוּנְד זִיא אִיז זַאט גֶעוֶועזֶען
אוּנְד זִיא הָאט נָאךְ אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען:
15 אוּנְד וֶוען זִיא אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּם צוּ קְלוֹיבֶּען, אַזוֹי הָאט בּוֹעַז
גֶעבָּאטֶען צוּ זֵיינֶע יוּנְגֶען, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, לָאזְט זִיא אוֹיךְ צְוִוישֶׁען דִיא
גַארְבֶּען קְלוֹיבֶּען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זִיא
נִיט פֶערְשֶׁעהְמֶען:
16 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ פְלֵייסִיג
מַאכֶען פֶערְגֶעסֶען פוּן אִיהְרֶעטְוֶועגֶען
פוּן דִיא גֶעבוּנְדֶענֶע גַארְבֶּען, אוּנְד
אִיהְר זָאלְט זֵייא פֶערְלָאזֶען, אוּנְד
לָאזְט זִיא קְלוֹיבֶּען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט
זִיא נִיט אָנְשְׁרֵייעֶן:
17 אַזוֹי הָאט זִיא גֶעקְלִיבֶּען אִין דֶעם
פֶעלְד בִּיז צוּ דֶעם אָבֶענְד, אוּנְד וֶוען
זִיא הָאט אוֹיסְגֶעדְרֶעשְׁט דָאס וָואס זִיא
הָאט גֶעקְלִיבֶּען, אַזוֹי אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען
אֵיין עֵרֶךְ פוּן אֵיין אֵיפָה גֶערְשְׁטֶען:
18 אוּנְד זִיא הָאט עֶס אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
אוּנְד זִיא אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא
שְׁטָאט, אוּנְד אִיהְר שְׁוִויגֶער הָאט
גֶעזֶעהֶען וָואס זִיא הָאט גֶעקְלִיבֶּען,
אוּנְד זִיא הָאט עֶס אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט
אוּנְד זִיא הָאט נָאךְ צוּ אִיהְר גֶעגֶעבֶּען
דָאס וָואס זִיא הָאט אִיבְּרִיג גֶעהַאט
פוּן אִיהְרֶע זַאטְקֵייט:
19 אוּנְד אִיהְרֶע שְׁוִויגֶער הָאט צוּ
אִיהְר גֶעזָאגְט, וְואוּ הָאסְט דוּא הֵיינְט
גֶעקְלִיבֶּען? אוּנְד וְואוּ הָאסְט דוּא
גֶעאַרְבֵּייטֶעט? גֶעבֶּענְשְׁט זָאל דֶער
זֵיין וָואס הָאט דִיךְ אָנֶערְקֶענְט. אַזוֹי
הָאט זִיא דֶערְצֵיילְט צוּ אִיהְרֶע שְׁוִויגֶער
בֵּייא וֶועמֶען זִיא הָאט גֶעאַרְבֵּייטֶעט,
אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, דֶער נָאמֶען
פוּן דֶעם מַאן בֵּייא וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ
הֵיינְט גֶעאַרְבֵּייט אִיז בּוֹעַז:
20 אַזוֹי הָאט נָעֳמִי גֶעזָאגְט צוּ אִיהְרֶע
שְׁנוּר, גֶעבֶּענְשְׁט אִיז עֶר פוּן גָאט,
וָואס הָאט נִיט אָפְּגֶעלָאזְט זֵיין חֶסֶד
פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע אוּנְד פוּן דִיא
טוֹיטֶע. אוּנְד נָעֳמִי הָאט צוּ אִיהְר
גֶעזָאגְט, דֶער מַאן אִיז אַ קָרוֹב צוּ
אוּנְס, עֶר אִיז אֵיינֶער פוּן אוּנְזֶערֶע
אוֹיסְלֵייזֶערְס:
21 אוּנְד רוּת דִיא מוֹאֲבִיָה הָאט
(וֵייטֶער) גֶעזָאגְט, עֶר הָאט אוֹיךְ צוּ
מִיר גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט דִיךְ בֶּע־
הֶעפְטֶען צוּ מֵיינֶע יוּנְגֶען בִּיז מֵיין
גַאנְצֶער שְׁנִיט אִיז פֶערְלֶענְט:
22 אוּנְד נָעֳמִי הָאט גֶעזָאגְט צוּ רוּת
אִיהְרֶע שְׁנוּר, עֶס אִיז גוּט מֵיינֶע
טָאכְטֶער, אַז דוּא זָאלְסְט אַרוֹיסְגֵיין
מִיט זֵיינֶע מֵיידֶען, כְּדֵי מֶען זָאל דִיךְ
נִיט אָנְטְרֶעפֶען אִין אֵיין אַנְדֶער פֶעלְד:
23 אַזוֹי הָאט זִיא זִיךְ בֶּעהֶעפְט צוּ
דִיא מֵיידֶען פוּן בּוֹעַז צוּ קְלוֹיבֶּען בִּיז
צוּ דֶעם עֶנְד פוּן דֶעם שְׁנִיט פוּן דִיא
גֶערְשְׁט אוּנְד דֶעם שְׁנִיט פוּן וֵוייץ,

אונד זיא האט געוואוינט מיט איהרע שוויגער׃

קאפיטעל ג

1 אונד נעמי איהרע שוויגער האט
צו איהר געזאגט, מיינע טאכטער, זאל
איך ניט פאר דיר אויסזוכען א מנוחה,
כדי עס זאל דיר גוט זיין׃
2 אונד אצונד איז ניט דער בועז
וואס דוא ביזט געוועזען מיט זיינע
מיידען פון אונזערע משפחה? זעה,
ער ווינד־שויפעלט דיא גערשט דיא
(היינטיגע) נאכט אין דער שייער׃
3 אזוי וואש דיך אונד זאלב דיך,
אונד טהוא דיר אן דיינע קליידער,
אונד גייא אראפ אין דער שייער,
אבער געב דיך ניט צו דערקענען צו
דעם מאן ביז ער האט אויפגעהערט
צו עסען אונד צו טרינקען׃
4 אונד עס וועט זיין אז ווען ער
וועט זיך אנידערלייגען, אזוי זאלסט
דוא בעמערקען דעם ארט אוואו ער
וועט ליגען, אונד דוא זאלסט אריינ־
גיין אונד זאלסט אויפדעקען זיינע פיס־
זייט אונד לייג דיך אנידער אונד ער
וועט דיר זאגען וואס דוא זאלסט טהון׃
5 אונד זיא האט צו איהר געזאגט,
אלעס וואס דוא זאגסט צו מיר וועל
איך טהון׃
6 אזוי איז זיא אראפגעגאנגען צו דיא
שייער, אונד זיא האט געטהון אלעס אזוי
וויא איהרע שוויגער האט איהר
געבאטען׃
7 אונד ווען בועז האט געגעסען אונד
געטרונקען אונד איז געוועזען פון א
פרייליך הארץ, איז ער געגאנגען זיך
אנידערצולייגען אין דעם עק פון א
הויפען קארן, אזוי איז זיא שטילערהייט
געקומען, אונד זיא האט אויפגעדעקט
זיינע פיס, אונד זיא האט זיך אנידערגע־
לייגט׃
8 אונד עס איז געוועזען אין דער
מיטען פון דער נאכט, אזוי האט זיך
דער מאן דערשראקען, אונד ווען ער
האט זיך ארומגעטאפט, זעה, אזוי איז
א פרוי געלעגען ביי זיינע פיס׃
9 אונד ער האט געזאגט, ווער ביזט
דוא? אונד זיא האט געזאגט, איך
בין רות דיינע דינסט־מויד, שפרייט
דאך אויס דיינע דעק איבער דיינע
דינסט־מויד, וארין דוא ביזט דאך
דער דערלייזער׃
10 אונד ער האט געזאגט, געבענשט
ביזט דוא פון גאט, מיינע טאכטער,
וארין דיין לעצטער חסד איז בעסער
וויא דער ערשטער, ווייל דוא ביזט
ניט נאכגעגאנגען נאך דיא יונגע מע־
נער, ענטוועדער ארעמע אדער רייכע׃
11 אונד אצונד, מיינע טאכטער, האב
ניט קיין מורא, אלעס וואס דוא וועסט
מיר זאגען וועל איך צו דיר טהון,
וארין אלע לייט פון דעם טויער (דער
שטאט) פון מיין פאלק ווייסען אז דוא
ביזט א פרומעס ווייב׃
12 אונד אצונד, בין איך באמת איין
אויסדערלייזער,—אבער עס איז נאך
פערהאנדען א נעהענטער גואל פון מיר׃
13 געבליב דא דיא דאזיגע נאכט,
אונד עס וועט זיין אין דער פריה,
אויב ער וועט דיך אויסדערלייזען,
איז גוט—אזוי לאז ער דיך אויסלייזען,
אונד ווען ער וויל דיך ניט אויסדער־
לייזען אזוי וועל איך דיך אויסדערליי־
זען, אזוי וואהר וויא גאט לעבט, לייג
דיך אנידער ביז אין דער פריה׃

14 אוּנְד זִיא אִיז גֶעלֶעגֶען צוּ זַיינֶע
פִּיסֶענְס בִּיז צוּ דֶעם מָארְגֶען, אוּנְד זִיא
אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אֵיידֶער אֵיינֶער
הָאט דֶערְקֶענְט דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, לָאז עֶס קֵיינֶער וִויסֶען אַז
אַ פְרויא אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא שֵׁייעֶר׃
15 אוּנְד עֶר הָאט וַוייטֶער גֶעזָאגְט,
בְּרֶענְג אַהֶער דֶעם שְׁלֵייעֶר (דִיא דֶעק)
וָואס דוּא הָאסְט אויף דִיר, אוּנְד
הַאלְט דִיךְ אָן דַארַאן, אוּנְד וֶוען זִיא
הָאט עֶס גֶעהַאלְטֶען אַזוֹי הָאט עֶר
אָפְּגֶעמָאסְטֶען זֶעקְס מָאס גֶערְשְׁטֶען,
אוּנְד עֶר הָאט עֶס אויף אִיהְר גֶעלֵייגְט,
אוּנְד זִיא אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא
שְׁטָאט׃
16 אוּנְד וֶוען זִיא אִיז גֶעקוּמֶען צוּ
אִיהְרֶע שְׁוִויגֶער אַזוֹי הָאט זִיא גֶעזָאגְט,
וֶוער בִּיזְט דוּא מֵיינֶע טָאכְטֶער? אוּנְד
זִיא הָאט אִיהְר דֶערְצֵיילְט אַלֶעס וָואס
דֶער מַאן הָאט צוּ אִיהְר גֶעטְהוּן׃
17 אוּנְד זִיא הָאט וַוייטֶער גֶעזָאגְט,
עֶר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶען דִיא דָאזִיגֶע
זֶעקְס מָאס גֶערְשְׁט, וָוארִין עֶר הָאט
צוּ מִיר גֶעזָאגְט דוּא זָאלְסְט נִיט קוּמֶען
לֵיידִיג צוּ דֵיינֶע שְׁוִויגֶער׃
18 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, בְּלֵייבּ
(דָא) שְׁטִיל מֵיינֶע טָאכְטֶער, בִּיז דוּא
וֶועסְט וִויסֶען וִויא דִיא זַאךְ וֶועט אויסְ־
פַאלֶען, וָוארִין דֶער מַאן וֶועט נִיט
רוּהִיג בְּלֵייבֶּען בִּיז עֶר וֶועט הָאבֶּען
דִיא זַאךְ הֵיינְט פֶערְלֶענְדְט׃

קאפיטעל ד

1 אוּנְד בּוֹעַז אִיז אַרויפְגֶעגַאנְגֶען צוּ
דֶעם טויעֶר, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ דָארְט
אַנִידֶער גֶעזֶעצְט, אוּנְד זֶעה, דֶער גּוֹאֵל
אִיז פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען פוּן וֶועלְכֶען
בּוֹעַז הָאט גֶערֶעט, אוּנְד עֶר הָאט (צוּ
אִיהְם) גֶעזָאגְט, קֶעהְר אָפּ אוּנְד זֶעץ
דִיךְ דָא אַנִידֶער, דוּא פְּלוֹנִי אַלְמוֹנִי!
אַזוֹי הָאט עֶר אָפְּגֶעקֶעהְרְט אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט׃
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען צֶעהְן
מֶענֶער פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא
שְׁטָאט־לֵייט, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, זֶעצְט אֵייךְ דָא אַנִידֶער, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט׃
3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
גּוֹאֵל, דָאס שְׁטִיק לַאנְד וָואס הָאט גֶע־
הֶערְט צוּ אוּנְזֶער בְּרוּדֶער, צוּ אֱלִימֶלֶךְ,
הָאט נָעֳמִי, וָואס אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען
פוּן דֶעם פֶעלְד מוֹאָב, פֶערְקויפְט׃
4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט אַז אִיךְ
זָאל עֶס עֶנְטְפְּלֶעקֶען צוּ דֵיינֶע אוירֶען,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, קויף עֶס עֶנְטְקֶעגֶען
דִיא בֶּעווֹאוֹינֶערְס, אוּנְד קֶעגֶען דִיא
עֶלְצְטֶע פוּן מֵיין פָאלְק, אויבּ דוּא
ווִילְסְט עֶס אויסְלֵייזֶען אַזוֹי לֵייז עֶס
אויס, אוּנְד אויבּ דוּא ווִילְסְט עֶס נִיט
אויסְלֵייזֶען אַזוֹי זָאג עֶס מִיר, אַז אִיךְ
זָאל עֶס וִויסֶען, וָוארִין חוּץ דִיר אִיז
נִיט דָא קֵיין גּוֹאֵל אוּנְד אִיךְ קוּם נָאךְ
דִיר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל
עֶס אויסְלֵייזֶען׃
5 אוּנְד בּוֹעַז הָאט גֶעזָאגְט, אִין דֶעם
טָאג וָואס דוּא קויפְסְט דָאס פֶעלְד פוּן
דֶער הַאנְד פוּן נָעֳמִי אַזוֹי מוּסְט דוּא
עֶס אויךְ קויפֶען פוּן דֶער הַאנְד פוּן
רוּת דִיא מוֹאֲבִיָה דָאס וַוייבּ פוּן דֶעם
טויטֶען, כְּדֵי אויפְצוּשְׁטֶעלֶען אַ נָאמֶען
צוּ דֶעם טויטֶען אויף זַיינֶע נַחֲלָה׃
6 אַזוֹי הָאט דֶער גּוֹאֵל גֶעזָאגְט, אִיךְ
קֶען עֶס נִיט אויסְלֵייזֶען פַאר מִיר,
טָאמֶער וֶועל אִיךְ (דֶערְמִיט) פֶערְ־
דַארְבֶּען מֵיינֶע אֵייגֶענֶע נַחֲלָה, דֶערְלֵייז

דוּא פַאר דִיר מֵיינֶע אוֹיסְלֵייזוּנְג וָוארִין
אִיךְ קֶען עֶס נִיט אוֹיסְלֵייזֶען:
7 אוּנְד דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען פָּארְצֵייטֶען
אִין יִשְׂרָאֵל דֶער מִנְהָג וֶועגֶען אֵיינֶע
אוֹיסְלֵייזוּנְג אוּנְד וֶועגֶען אַ פֶערְבֵּייטוּנְג,
כְּדֵי צוּ בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען אִיטְלִיכֶע זַאךְ, אַ
מַאן הָאט אוֹיסְגֶעטְהוּן זֵיין שׁוּךְ אוּנְד
עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיין חָבֵר,
אוּנְד דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס עֵדוּת
אִין יִשְׂרָאֵל:
8 אוּנְד דֶער גוֹאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ
בּוֹעַז, קוֹיף דוּא עֶס פַאר דִיר! אוּנְד
עֶר הָאט אוֹיסְגֶעטְהוּן זֵיין שׁוּךְ:
9 אַזוֹי הָאט בּוֹעַז גֶעזָאגְט צוּ דִיא
עֶלְצְטֶע, אוּנְד צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָּאלְק,
אִיהְר זֶענְט הֵיינְט עֵדוּת אַז אִיךְ הָאבּ
גֶעקוֹיפְט אַלֶעס וָואס הָאט גֶעהֶערְט צוּ
אֱלִימֶלֶךְ, אוּנְד אַלֶעס וָואס הָאט גֶע־
הֶערְט צוּ מַחְלוֹן אוּנְד כִּלְיוֹן פוּן דֶער
הַאנְד פוּן נָעֳמִי:
10 אוּנְד אוֹיךְ רוּת דִיא מוֹאַבִיָה, דָאס
ווַייבּ פוּן מַחְלוֹן הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ גֶע־
קוֹיפְט צוּ מִיר פַאר אַ ווַייבּ, כְּדֵי
אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען אַ נָאמֶען פוּן דֶעם
טוֹיטֶען אוֹיף זֵיין נַחֲלָה, אַז דֶער נָאמֶען
פוּן דֶעם טוֹיטֶען זָאל נִיט פֶערשְׁנִיטֶען
וֶוערֶען פוּן צְווִישֶׁען זֵיינֶע בְּרִידֶער,
אוּנְד פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן זֵיין אָרְט,
אִיהְר זֶענְט הֵיינְט עֵדוּת:
11 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָּאלְק וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד דִיא
עֶלְצְטֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט מִיר זֶענֶען
עֵדוּת, לָאז גָאט גֶעבֶּען אַז דִיא פְרוֹיא
וָואס וֶועט קוּמֶען אִין דֵיין הוֹיז אַרֵיין
זָאל זֵיין אַזוֹי וִויא רָחֵל אוּנְד לֵאָה,
וָואס זֵייא בֵּיידֶע הָאבֶּען אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט
דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט טְהוּן בֶּעגְלִיקֶען אִין אֶפְרָת,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט הָאבֶּען אַ שֵׁם אִין
בֵּית לָחֶם:
12 אוּנְד לָאז דֵיין הוֹיז זֵיין אַזוֹי וִויא
דָאס הוֹיז פוּן פֶּרֶץ, וָואס תָּמָר הָאט
גֶעבּוֹירֶען צוּ יְהוּדָה, פוּן דֶעם זָאמֶען
וָואס גָאט וֶועט צוּ דִיר גֶעבֶּען פוּן
דֶער דָאזִיגֶער נַעֲרָה:
13 אַזוֹי הָאט בּוֹעַז גֶענוּמֶען דִיא רוּת,
אוּנְד זִיא אִיז גֶעוָוארֶען זֵיין ווַייבּ, אוּנְד
עֶר אִיז צוּ אִיהְר אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד
גָאט הָאט אִיהְר גֶעגֶעבֶּען שְׁוַואנְגֶערְ־
הַייט, אוּנְד זִיא הָאט גֶעווִינֶען אַ זוּהְן:
14 אוּנְד דִיא ווַייבֶּער הָאבֶּען גֶעזָאגְט
צוּ נָעֳמִי, גֶעבֶּענְשְׁט אִיז גָאט וָואס
הָאט נִיט גֶעלָאזְט צוּ דִיר אוֹיפְהֶערֶען
הֵיינְט אַ גוֹאֵל, אַז זֵיין נָאמֶען מֶעג
אָנְגֶערוּפֶען וֶוערֶען אִין יִשְׂרָאֵל:
15 אוּנְד אַז עֶר זָאל צוּ דִיר זֵיין אַ
דֶערקְוִויקוּנְג פוּן דֵיין נֶפֶשׁ, אוּנְד אַז
עֶר זָאל דִיךְ דֶערְנֶעהֶרֶען אִין דֵיינֶע
עֶלְטֶער, וָוארִין דֵיינֶע שְׁנוּר וָואס לִיבְּט
דִיךְ, אוּנְד וָואס אִיז בֶּעסֶער צוּ דִיר
וִויא זִיבֶּען זִיהְן, הָאט אִיהְם גֶעבּוֹירֶען:
16 אוּנְד נָעֳמִי הָאט גֶענוּמֶען דָאס
קִינְד אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם גֶעלֵייגְט אַן
אִיהְר בּוּזֶעם, אוּנְד זִיא אִיז גֶעוָוארֶען צוּ
אִיהְם צוּ אַ דֶערְצִיהֶערִין:
17 אוּנְד דִיא שְׁכֵנִים הָאבֶּען אִיהְם אַ
נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַ
זוּהְן אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען צוּ נָעֳמִי,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵיין נָאמֶען גֶערוּפֶען
עוֹבֵד, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער פָאטֶער
פוּן יִשַׁי, דֶער פָאטֶער פוּן דָוִד:
18 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא
גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן פֶּרֶץ, פֶּרֶץ הָאט גֶע־
בּוֹירֶען דֶעם חֶצְרוֹן:

19 אונד חֶצְרוֹן הָאט גֶעבוירֶען דֶעם
רָם, אונד רָם הָאט גֶעבוירֶען עַמִינָדָב :
20 אונד עַמִינָדָב הָאט גֶעבוירֶען דֶעם
נַחְשׁוֹן, אונד נַחְשׁוֹן הָאט גֶעבוירֶען
דֶעם שַׂלְמָה :
21 אונד שַׂלְמוֹן הָאט גֶעבוירֶען דֶעם
בּוֹעַז, אונד בּוֹעַז הָאט גֶעבוירֶען דֶעם
עוֹבֵד :
22 אונד עוֹבֵד הָאט גֶעבוירֶען דֶעם
יִשַׁי, אונד יִשַׁי הָאט גֶעבוירֶען דֶעם
דָוִד :

# חזק

אַלע פסוקים פֿון רות זענען פֿינף אונד אַכטציג ;
אונד דיא העלפֿט דערפֿון איז קאפּיטעל ב׳ פסוק
כ״א ; אונד האט פֿיער קאפּיטעל :

# אֵיכָה

## קאפיטעל א

1 אוי, וִויא זִיצְט דִיא שְׁטָאט אַלֵיין
וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּל מִיט פָאלְק!
זִיא אִיז גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא אֵיינֶע
אַלְמָנָה! דִיא וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען גְרוֹיס
צְוִוישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער, אַ גֶעוֶועלְטִיגֶערִין
צְוִוישֶׁען דִיא לֶענְדֶער, זִיא אִיז גֶעוָוארֶען
צִינְזבַּאר!
2 זִיא וֵויינְט זֶעהְר אִין דֶער נַאכְט,
אוּנְד אִיהְרֶע טְרֶערֶען זֶענֶען אוֹיף
אִיהְרֶע בַּאקֶען, צְוִוישֶׁען אַלֶע אִיהְרֶע
לִיבְּהָאבֶּערְס הָאט זִיא קֵיינֶעם וָואס
זָאל זִיא טְרֵייסְטֶען, אַלֶע אִיהְרֶע פְרֵיינְדֶע
הָאבֶּען קֶעגֶען אִיהְר גֶעפֶעלְשְׁט, זֵייא
זֶענֶען צוּ אִיהְר גֶעוָוארֶען פֵיינְד:
3 יְהוּדָה אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין גָלוּת פוּן
וֶועגֶען פֵּיינִיגוּנְג, אוּנְד פוּן וֶועגֶען פִילֶע
דִינְסְט, זִיא וָואוֹינְט צְוִוישֶׁען דִיא הֵיידֶען,
זִיא גֶעפִינְט נִיט קֵיינֶע מְנוּחָה, אַלֶע
אִיהְרֶע נָאכְיָאגֶערְס הָאבֶּען זִיא דֶער־
גְרֵייכְט צְוִוישֶׁען דִיא עֶנְגֶע גְרֶענֶעצֶען:
4 אַפִילוּ דִיא וֶועגֶען פוּן צִיוֹן טְרוֹיעֶרְן,
וֵוייל קֵיינֶער קוּמְט נִיט עוֹלֶה רֶגֶל זַיין,
אַלֶע אִיהְרֶע טוֹירֶען זֶענֶען וִויסְט,
אִיהְרֶע כּוֹהֲנִים טְהוּן זִיפְצֶען, אִיהְרֶע
יוּנְגְפְרוֹיעֶן וֶוערֶען גֶעפֵּיינִיגְט, אוּנְד צוּ
אִיהְר אִיז זֶעהְר בִּיטֶער:
5 אִיהְרֶע בֶּעלֵיידִיגֶערְס זֶענֶען גֶע־
וָוארֶען אִיהְרֶע הוֹיפְּט פֵיינְדֶע, זֵייא
זֶענֶען בְּשַׁלְוָה, וָוארִין גָאט הָאט זִיא
גֶעמַאכְט טְרוֹיעֶרְן פוּן וֶועגֶען אִיהְרֶע
פִילֶע זִינְד, אַפִילוּ אִיהְרֶע יוּנְגֶע קִינְדֶער
זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער גֶעפַאנְגֶענְ־
שַׁאפְט פַאר דֶעם פֵיינְד:
6 אוּנְד עֶס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן
דֶער שְׁטָאט צִיוֹן אִיהְרֶע גַאנְצֶע שֵׁיינְ־
הַייט אִיהְרֶע פִירְשְׁטֶען זֶענֶען גֶעוָוארֶען
אַזוֹי וִויא דִיא אִינְדֶען, זֵייא הָאבֶּען נִיט
גֶעפוּנֶען קֵיינֶע וֵויידֶע (פַּאשֶׁע), אוּנְד
זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אָהְן קְרַאפְט פַאר
דֶעם נָאכְיָאגֶער:
7 יְרוּשָׁלַיִם טְהוּט גֶעדֶענְקֶען דִיא טֶעג
פוּן אִיהְר פֵּיין, אַן אִיהְרֶע טְרוֹירִיגְקֵייט
אוּנְד אַן אַלֶע אִיהְרֶע לוּסְטְבַּארְקֵייט
וָואס זִיא הָאט גֶעהַאט אִין דִיא פָארִיגֶע
טֶעג, וֶוען אִיהְר פָאלְק אִיז גֶעפַאלֶען
אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם פֵיינְד, אוּנְד
קֵיינֶער הָאט אִיהְר גֶעהָאלְפֶען, וֶוען
אִיהְרֶע פֵיינְד הָאבֶּען עֶס גֶעזֶעהֶען אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא אַפִילוּ גֶעשְׁפֶּעט פוּן אִיהְרֶע
שַׁבָּתִים:
8 יְרוּשָׁלַיִם הָאט שְׁטַארְק גֶעזִינְדִיגְט,
דַארִיבֶּער אִיז זִיא פֶערְוָואגֶעלְט גֶע־
וָוארֶען, אַלֶע וָואס הָאבֶּען זִיא (פְרִיהֶער)
בְּכָבוֹד גֶעהַאלְטֶען פֶערַאכְטֶען זִיא,
וֵוייל זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אִיהְרֶע
נַאקְטְהֵייט, זִיא טְהוּט אוֹיךְ זִיפְצֶען,
אוּנְד זִיא הָאט הִינְטֶער זִיךְ גֶעקֶעהְרְט:
9 אִיהְרֶע אוּמְרֵיינִיגְקֵייט אִיז אִין אִיהְר
זוֹים, זִיא הָאט נִיט גֶעדַאכְט אַן אִיהְר
עֶנְד דַארִיבֶּער הָאט זִיא וְואוּנְדֶערְלִיךְ
אַרוּפְּגֶענִידֶערְט, עֶס אִיז נִיט צוּ אִיהְר
פֶערְהַאנְדֶען אַ טְרֵייסְטֶער, זֶעה דָאךְ
אָן, אוֹי גָאט, מֵיין פֵּיין, וָוארִין דֶער
פֵיינְד הָאט זִיךְ גְרוֹיס גֶעמַאכְט:
10 דֶער פֵיינְד הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט

זֵיינֶע הֶענְד אִיבֶּער אַלֶע אִיהְרֶע לוּסְט־
בַּארְקֵייט, וָוארִין זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען אַז
פֶעלְקֶער זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין
אִיהְר בֵּית הַמִקְדָשׁ, וָואס דוּא הָאסְט
גֶעבָּאטֶען אַז זֵייא זָאלֶען נִיט אַרֵיינְ־
קוּמֶען אִין דֵיינֶע קְהִלָה׃

11 אִיהְר גַאנְצֶעס פָאלְק זִיפְצֶען אוּנְד
בֶּעטֶען פַאר בְּרוֹיט, זֵייא הָאבֶּען גֶע־
גֶעבֶּען זֵייעֶרֶע לוּסְטבַּארְקֵייט פַאר עֶסֶען,
כְּדֵי אִיהְר נֶפֶשׁ צוּ דֶערְקְוִויקֶען. וֶועה,
אוֹי גָאט אוּנְד קוּק עֶס אָן, וִויא אִיךְ
בִּין פֶערַאכְטֶעט גֶעוָוארֶען!

12 אִיז דָאס גָארְנִיט צוּ אֵייךְ, אַלֶע
וָואס אִיהְר גֵייט פַארְבֵּייא אוֹיף דֶעם
וֶועג? קוּקְט דָאךְ, אוּנְד זֶעהְט, אוֹיבּ
עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ וֵוייטָאג וִויא
מֵיין וֵוייטָאג, וָואס וֶוערְט צוּ מִיר גֶע־
טְהוּן, מִיט וָואס גָאט הָאט מִיךְ בֶּע־
טְרִיבְּט אִין דֶעם טָאג פוּן זֵיין גְרִימְ־
צָארְן׃

13 פוּן דֶער הֵייךְ הָאט עֶר אַרוֹיסְ־
גֶעשִׁיקְט אַ פֵייעֶר אִין מֵיינֶע בֵּיינֶער,
אוּנְד עֶס הָאט זֵייא אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט,
עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אַ נֶעץ פַאר
מֵיינֶע פִיס, עֶר הָאט מִיךְ צוּרִיקְגֶע־
קֶעהְרְט, עֶר הָאט מִיךְ פֶערְוִויסְט גֶע־
מַאכְט, דֶעם גַאנְצֶען טָאג טְהוּט מִיר
וֵויא׃

14 דָאס יָאךְ פוּן מֵיינֶע זִינְד אִיז מִיט
זֵיינֶע הַאנְד אָנְגֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען, זֵייא
זֶענֶען גֶעפְלָאכְטֶען, אוּנְד זֶענֶען אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען אוֹיף מֵיין הַאלְז, עֶר הָאט
גֶעמַאכְט שְׁטְרוֹיכְלֶען מֵיינֶע קְרַאפְט,
גָאט הָאט מִיךְ אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט אִין
זֶאלְכֶע הֶענְד אַז אִיךְ בִּין נִיט אִים
שְׁטַאנְד אוֹיפְצוּשְׁטֵיין׃

15 גָאט הָאט צוּטְרֶעטֶען אַלֶע מֵיינֶע
שְׁטַארְקֶע לֵייט צְוִוישֶׁען מִיר, עֶר הָאט
קֶעגֶען מִיר גֶערוּפֶען אַ פֶערְזַאמְלוּנְג
כְּדֵי צוּ צוּבְּרֶעכֶען מֵיינֶע בַּחוּרִים, גָאט
הָאט צוּטְרֶעטֶען דִיא יוּנְגְפְרוֹיא פוּן
דִיא טָאכְטֶער יְהוּדָה אַזוֹי וִויא אַ
וֵויינְקֶעלְטֶער׃

16 וֶועגֶען דֶעם אַלֶעם טְהוּא אִיךְ
וֵויינֶען, מֵיינֶע אוֹיגֶען רִינֶען אַרוּפּ
וַואסֶער, וֵוייל דֶער טְרֵייסְטֶער וָואס
הָאט גֶעזָאלְט מֵיין נֶפֶשׁ דֶערְקְוִויקֶען,
הָאט זִיךְ פוּן מִיר דֶערְוֵוייטֶערְט, מֵיינֶע
קִינְדֶער זֶענֶען פֶערְוִויסְט גֶעוָוארֶען,
וֵוייל דֶער פֵיינְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט׃

71 צִיּוֹן שְׁפְּרֵייט אוֹיס אִיהְרֶע הֶענְד,
אָבֶּער עֶס אִיז קֵיין טְרֵייסְטֶער צוּ
אִיהְר, גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען אִיבֶּער
יַעֲקֹב אַז זֵיינֶע בֶּעדְרֶענְגֶערְס זָאלֶען
אִיהְם אַרוּמְרִינְגֶעלְן, יְרוּשָׁלַיִם אִיז גֶע־
וָוארֶען אַזוֹי וִויא אַ וֵוייבּ אִין נִדָה
צְוִוישֶׁען זֵייא!

18 גָאט אִיז גֶערֶעכְט, וָוארִין אִיךְ
הָאבּ מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען זֵיין בֶּע־
פֶעהְל, הֶערְט דָאךְ, אִיךְ בֶּעט אֵייךְ,
אוֹי, אַלֶע אִיהְר פֶעלְקֶער, אוּנְד זֶעהְט
מֵיינֶע וֵוייטָאג, מֵיינֶע יוּנְגְפְרוֹיעֶן אוּנְד
מֵיינֶע בַּחוּרִים זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִין
דֶער גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט׃

19 אִיךְ הָאבּ גֶערוּפֶען צוּ מֵיינֶע
לִיבְּהָאבֶּערְס אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען מִיךְ
אָפְּגֶענַארְט, מֵיינֶע כּוֹהֲנִים אוּנְד מֵיינֶע
עֶלְצְטֶע פוּן דֶער שְׁטָאט זֶענֶען פֶערְ־
גַאנְגֶען, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעזוּכְט
פַאר זִיךְ שְׁפֵּייז כְּדֵי זֵייעֶר נֶפֶשׁ צוּ
דֶערְקְוִויקֶען׃

20 אוֹי גָאט, וֶועה, וָוארִין מִיר אִיז
עֶנְג, מֵיינֶע גֶעדֶערְם זֶענֶען אֵיינְגֶע־
שְׁרוּמְפֶען, מֵיין הַארְץ הָאט זִיךְ אִין

מִיר פֶֿערדְרֵייט, וַוייל אִיךְ הָאבּ וֶועהְר
ווידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט, פֿוּן אוֹיסֶענְווֵיינִיג בֶּעַ־
רוֹיבְּט מִיךְ אַ שְׁוֶוערְט, אוּנְד אִין דֶעם
הוֹיז אִיז עֶס אַזוֹי וִויא דֶער טוֹיט׃
21 זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז אִיךְ
זִיפְֿץ, אָבֶּער עֶס אִיז קֵיין טְרֵייסְטֶער
נִיט צוּ מִיר, אַלֶע מֵיינֶע פֵֿיינְד הֶערֶען
אַז עֶס אִיז מִיר שְׁלֶעכְט, זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ גֶעפְֿרֵייט ווייל דוּא הָאסְט עֶס
גֶעטְהוּן, אָבֶּער דוּא וֶועסְט בְּרֶענְגֶען
דֶעם טָאג וָואס דוּא הָאסְט גֶערוּפֶֿען,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין אַזוֹי וִויא אִיךְ׃
22 לָאז אַלֶע זֵיירֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט
פַֿאר דִיר קוּמֶען, אוּנְד מְהוּא צוּ זֵייא
אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט צוּ מִיר גֶעמְהוּן
פֿוּן וֶועגֶען אַלֶע מֵיינֶע זִינְד, וָוארִין
מֵיינֶע זִיפְֿצֶען זֶענֶען פִֿיל, אוּנְד מֵיין
הַארְץ אִיז פֶֿערשְׁמַאכְט׃

## קאפיטעל ב

1 אוֹי, וִויא הָאט גָאט אִין זֵיין צָארְן
צוּגֶעדֶעקְט מִיט אַ וָואלְקֶען דִיא
טָאכְטֶער פֿוּן צִיּוֹן, אוּנְד הָאט אַרוּפְּגֶעַ־
וָוארְפֶֿען פֿוּן דֶעם הִימֶעל בִּיז צוּ דֶער
עֶרְד דִיא שֵׁיינְהֵייט פֿוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
עֶר הָאט נִיט גֶעדֶענְקְט אַן זֵיינֶע
פֿוּס־בַּאנְק אַן דֶעם טָאג פֿוּן זֵיין
צָארְן׃
2 גָאט הָאט לָאזֶען פֶֿערְדַארְבֶּען, אוּנְד
עֶר הָאט נִיט פֶֿערְשׁוֹינְט אַלֶע וְואוֹי־
נוּנְגֶען פֿוּן יַעֲקֹב, עֶר הָאט אַרוּפְּגֶעַ־
וָוארְפֶֿען אִין זֵיין גְרִימְצָארְן דִיא פֶֿעסְטֶע
שְׁטֶעט פֿוּן דֶער טָאכְטֶער פֿוּן יְהוּדָה,
עֶר הָאט זֵייא גֶעוָוארְפֶֿען צוּ דֶער עֶרְד,
עֶר הָאט מְחַלֵּל גֶעוֶועזֶען אִיהְרֶע
קֶענִיגֶע אוּנְד אִיהְרֶע פִֿירְשְׁטֶען׃
3 עֶר הָאט פֶֿערשְׁנִיטֶען מִיט זֵיין
גְרִימְצָארְן דָאס גַאנְצֶע הָארְן פֿוּן
יִשְׂרָאֵל, עֶר הָאט צוּרִיקְגֶעצוֹיגֶען זֵיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד פֿוּן פַֿאר דֶעם פֵֿיינְד,
אוּנְד עֶר הָאט קֶעגֶען יַעֲקֹב גֶעבְּרֶענְט
וִויא אַ פֵֿייעֶר־פְֿלַאם וָואס פֶֿערְבְּרֶענְט
רִינְגְס אַרוּם׃
4 עֶר הָאט גֶעשְׁפַּאנְט זֵיין בּוֹיגֶען
אַזוֹי וִויא אַ פֵֿיינְד, עֶר הָאט זִיךְ
גֶעשְׁטֶעלְט צוּ זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד
אַזוֹי וִויא אֵיין פֵֿיינְד, אוּנְד עֶר הָאט
דֶערְשְׁלָאגֶען אַלֶעס גְלוּסְטִיגֶע פֿוּן דֶעם
אוֹיג אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פֿוּן דֶער
טָאכְטֶער פֿוּן צִיּוֹן, עֶר הָאט אוֹיסְגֶעַ־
גָאסֶען זֵיין צָארְן אַזוֹי וִויא פֵֿייעֶר׃
5 גָאט אִיז גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא אַ
פֵֿיינְד, עֶר הָאט יִשְׂרָאֵל פֶֿערשְׁלוּנְגֶען,
עֶר הָאט פֶֿערשְׁלוּנְגֶען אַלֶע אִיהְרֶע
פַּאלַאסְטֶען, עֶר הָאט פֶֿערְדָארְבֶּען
זֵיינֶע פֶֿעסְטוּנְגֶען, עֶר הָאט פֶֿערְמֶעהְרְט
אִין דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פֿוּן יְהוּדָה טְרוֹיעֶ־
רִיגְקֵייט אוּנְד קְלָאג׃
6 אוּנְד עֶר הָאט אִין זֵיין צָארְן
אָפְּגֶעבְּרָאכֶען דֶעם צוֹים וִויא (פֿוּן) אַ
גָארְטֶען, עֶר הָאט פֶֿערְדָארְבֶּען זֵיין
קָדְשֵׁי קָדָשִׁים, גָאט הָאט גֶעמַאכְט
פֶֿערְגֶעסֶען אִין צִיּוֹן יוֹם טוֹב אוּנְד
שַׁבָּת, אוּנְד עֶר הָאט דֶערְצָארְנְט מִיט
זֵיין גְרִימְצָארְן אִיבֶּער דֶעם מֶלֶךְ אוּנְד
דֶעם כֹּהֵן׃
7 גָאט הָאט פֶֿערְלָאזֶען זֵיין מִזְבֵּחַ,
עֶר הָאט צוּשְׁטֶערְט זֵיין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ,
דִיא מוֹיעֶרְן פֿוּן זֵיינֶע פַּאלַאסְטֶען
הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶֿערְט אִין דִיא
הַאנְד פֿוּן דֶעם פֵֿיינְד, זֵייא הָאבֶּען
גֶעגֶעבֶּען אַ קוֹל אִין דֶעם הוֹיז פֿוּן
גָאט אַזוֹי וִויא אָן אַ יוֹם טוֹב׃
8 גָאט הָאט גֶעטְרַאכְט צוּ פֶֿערְדַארְ־
בֶּען דִיא מוֹיעֶרְן פֿוּן דֶער טָאכְטֶער

צִיוֹן, עֶר הָאט אויסגֶעשְׁטְרֶעקְט אַ שְׁנוּר
אוּנְד עֶר הָאט נִיט צוּרִיקְגֶעצוֹיגֶען
זֵיינֶע הַאנְד פוּן צוּ פֶערְדַארְבֶּען,
דַארִיבֶּער הָאט עֶר גֶעמַאכְט טְרוֹיעֶרְן
דִיא קְלֵיינֶע אוּנְד גְרוֹיסֶע מוֹיעֶרְן
צוּזַאמֶען:

9 אִיהְרֶע טוֹיעֶרְן זֶענֶען אֵיינְגֶעזוּנְקֶען
אִין דֶער עֶרְד, אוּנְד אִיהְרֶע רִיגֶעלְן
זֶענֶען פֶערְלוֹירֶען אוּנְד צוּבְּרָאכֶען גֶע־
וָוארֶען, אִיהְרֶע מְלָכִים אוּנְד אִיהְרֶע
פִירְשְׁטֶען זֶענֶען צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם, עֶס
אִיז נִיט מֶעהְר קֵיין תּוֹרָה דָא, אוּנְד
אִיהְרֶע נְבִיאִים גֶעפִינֶען אוֹיךְ נִיט
מֶעהְר קֵיינֶע נְבוּאָה (גֶעזִיכְט) פוּן
גָאט:

10 דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער טָאכְטֶער
צִיוֹן זִיצֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען שְׁטִיל, זֵייא וַוארְפֶען אַרוֹיף
שְׁטוֹיבּ אוֹיף זֵייעֶרֶע קֶעפּ, זֵייא גַארְטֶעלְן
זִיךְ אָן מִיט זֶעק, דִיא יוּנְגפְרוֹיעֶן פוּן
יְרוּשָׁלַיִם נִידֶערְן אַרוּפּ זֵייעֶרֶע קֶעפּ צוּ
דֶער עֶרְד:

11 מֵיינֶע אוֹיגֶען פֶערְשְׁמַאכְטֶען פוּן
וֶועגֶען דִיא טְרֶערֶען, מֵיינֶע גֶעדֶערִים
זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁרוּמְפֶּען, מֵיינֶע לֶעבֶּער
אִיז צוּ דֶער עֶרְד פֶערְגָאסֶען גֶעוָוארֶען,
פוּן וֶועגֶען דֶעם בְּרָאךְ פוּן דֶער
טָאכְטֶער פוּן מֵיין פָאלְק, ווייל אַפִילוּ
דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער אוּנְד דִיא זֵייגֶע־
דִיגֶע קִינְדֶער פֶערְשְׁמַאכְטֶען אִין דֶער
גַאס פוּן דֶער שְׁטָאט:

12 צוּ זֵייעֶרֶע מוּטֶער'ס זָאגֶען זֵייא
וָואוּ אִיז דָאס קָארְן אוּנְד דֶער וויין?
וֶוען זֵייא פֶערְשְׁמַאכְטֶען אַזוֹי וִויא
דֶערְשְׁלָאגֶענֶע אִין דִיא גַאס פוּן דֶער
שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא פֶערְגִיסֶען זֵייעֶר
נֶפֶשׁ (לֶעבֶּען) אִין דֶעם שׁוֹיס פוּן זֵייעֶרֶע
מוּטֶער'ס:

13 וָואס פַאר אֵיין עֵדוּת זָאל אִיךְ צוּ
דִיר גֶעמֶען? צוּ וָואס זָאל אִיךְ דִיךְ
פֶערְגְלֵייכֶען, דוּא טָאכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם?
וָואס זָאל אִיךְ צוּ דִיר גְלֵייכֶען אַז אִיךְ
זָאל דִיךְ טְרֵייסְטֶען, דוּא יוּנְגפְרוֹי
טָאכְטֶער פוּן צִיוֹן? וָוארִין דֵיין בְּרָאךְ
אִיז אַזוֹי גְרוֹיס וִויא דֶער יַם, וֶוער קֶען
דִיךְ הֵיילֶען?

14 דֵיינֶע נְבִיאִים זֶעהֶען צוּ דִיר
פַאלְשְׁהֵייט אוּנְד נַארִישְׁקֵייט, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען דִיר נִיט עֶנְטפְּלֶעקְט דֵיינֶע זִינְד,
כְּדֵי וִוידֶערְצוּקֶעהְרֶען דֵיינֶע גֶעפַאנְג־
גֶענְשַׁאפְט, אוּנְד זֵייא זֶעהֶען צוּ דִיר
פַאלְשֶׁע נְבִיאוֹת אוּנְד פֶערְשְׁפְּרֶעכוּנְגֶען:

15 אַלֶע וָואס גֵייעֶן פַארְבֵּייא הָאבֶּען
אִיבֶּער דִיר גֶעקְלַאטְשְׁט מִיט דִיא
הֶענְד, זֵייא שְׁמוּצִירֶען אוּנְד שָׁאקֶעלְן
מִיט זֵייעֶרֶע קֶעפּ אִיבֶּער דִיא טָאכְטֶער
יְרוּשָׁלַיִם, זֵייא זָאגֶען, אִיז דָאס דִיא
שְׁטָאט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אִיהְרֶע
גַאנְצֶע שֵׁיינְהֵייט, דִיא פְרֵייד פוּן דֶער
גַאנְצֶער עֶרְד (וֶועלְט)?

16 אַלֶע דֵיינֶע פֵיינְדֶע מַאכֶען אוֹיף
זֵייעֶר מוֹיל קֶעגֶען דִיר, זֵייא שְׁמוּצִירֶען,
אוּנְד קְרִיצֶען מִיט דִיא צֵיין, זֵייא
זָאגֶען, מִיר הָאבֶּען זֵייא פֶערְשְׁלוּנְגֶען,
בְּאֶמֶת, דָאס אִיז דֶער טָאג אוֹיף וָואס
מִיר הָאבֶּען גֶעהָאפְט, מִיר הָאבֶּען
אִיהְם גֶעפוּנֶען אוּנְד גֶעזֶעהֶען:

17 גָאט הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס עֶר
הָאט גֶעטְרַאכְט, עֶר הָאט אויסְגֶע־
פִיהְרְט זֵיינֶע צוּזָאג וָואס עֶר הָאט שׁוֹין
פוּן לַאנְג אָן גֶעבָּאטֶען, עֶר הָאט
אָפְּגֶעבְּרָאכֶען אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ נִיט
דֶערְבַּארְמְט, אוּנְד דֶער פֵיינְד הָאט
זִיךְ אִיבֶּער דִיר גֶעפְרֵייט, עֶר הָאט



אויפגעהויבען

אויפְגֶעהויבֶּען דָאס הָארֶן פֿון דֵיינֶע
פֵיינְד׃
18 זֵייעֶר הַארְץ הָאט גֶעשְׁרִיגֶען צוּ
גָאט, אוֹי דוּא מוֹיעֶר פֿון דֶער
טָאכְטֶער צִיוֹן, לָאזֶען טְרֶערֶען אַרוּפּ־
רִינֶען וִויא טֵייכֶען טָאג אוּנְד נַאכְט,
לָאז דֵיין אוֹיג־אַפֶּעל דִיר קֵיינֶע רוּה
גֶעבֶּען׃
19 שְׁטֵייא אוֹיף, שְׁרֵייא אוֹיס אִין
דֶער נַאכְט אִין דֶעם אָנְפַאנְג פֿון דִיא
מִשְׁמָרוֹת, גִיס אוֹיס דֵיין הַארְץ אַזוֹי
וִויא וַואסֶער פַאר דֶעם פָּנִים פֿון גָאט,
הֵייבּ אוֹיף דֵיינֶע הֶענְד צוּ אִיהְם פֿון
וֶועגֶען דֶעם לֶעבֶּען פֿון דִיא קְלֵיינֶע
קִינְדֶער וָואס פֶערְשְׁמַאכְטֶען פַאר הוּנְ־
גֶער אִין דֶער שְׁפִּיץ פֿון אַלֶע גַאסֶען׃
20 זֶעה, אוֹי גָאט, אוּנְד בֶּעטְרַאכְט
צוּ וֶועמֶען דוּא הָאסְט אַזוֹי גֶעטְהוּן!
זָאלֶען דִיא וַוייבֶּער עֶסֶען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע
פְּרוּכְט, אוּנְד יוּנְגֶע קִינְדֶער פֿון אֵיין
שְׁפַּאן לַאנְג? אָדֶער זָאלֶען דֶער כֹּהֵן
אוּנְד דֶער נָבִיא דֶערְשְׁלָאגֶען וֶוערֶען
אִין דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ פֿון גָאט?
21 יוּנְג אוּנְד אַלְט לִיגֶען זִיךְ אִין
דֶער גַאס, יוּנְגפְרוֹיעֶן אוּנְד בַּחוּרִים
פַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְט, דוּא הָאסְט
זֵייא דֶערְשְׁלָאגֶען אִין דֶעם טָאג פֿון
דֵיין צָארְן, דוּא הָאסְט זֵייא גֶעשְׁאכְטֶען
אוּנְד דוּא הָאסְט דִיךְ נִיט דֶערְבַּארְמְט׃
22 דוּא הָאסְט צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען אַזוֹי
וִויא אַם יוֹם טוֹב מֵיינֶע שְׁרֶעקֶען פֿון
רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶע־
וֶועזֶען אִין דֶעם טָאג פֿון גָאט קֵיינֶע
עֶנְטְרִינוּנְג אוּנְד קֵיינֶע אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג,
דִיא (קִינְדֶער) וָואס אִיךְ הָאבּ אֵיינְ־
גֶעוִויקֶעלְט אוּנְד גְרוֹיס גֶעצוֹיגֶען הָאט
דֶער פֵיינְד פֶערְלֶענְט׃

## קאַפּיטעל ג

1 אִיךְ בִּין דֶער מַאן וָואס הָאט גֶע־
זֶעהֶען פֵּיין דוּרְךְ דִיא רוּט פֿון זֵיין
גְרִימְצָארְן׃
2 עֶר הָאט מִיךְ גֶעפִיהְרְט אוּנְד גֶע־
מַאכְט גֵיין אִין דֶער פִינְסְטֶערְ, אוּנְד
נִיט אִין דֶעם לִיכְט׃
3 בְּאֶמֶת קֶעגֶען מִיר הָאט עֶר זִיךְ
גֶעקֶעהְרְט, עֶר קֶעהְרְט זֵיינֶע הַאנְד
קֶעגֶען מִיר דֶעם גַאנְצֶען טָאג׃
4 עֶר הָאט אַלְט גֶעמַאכְט מֵיין פְלֵיישׁ
אוּנְד מֵיינֶע הוֹיט, אוּנְד עֶר הָאט
צוּבְּרָאכֶען מֵיינֶע בֵּיינֶער׃
5 עֶר הָאט קֶעגֶען מִיר גֶעבּוֹיעֶט,
אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט
מִיט גַאל אוּנְד מִידִיגְקֵייט׃
6 עֶר הָאט מִיךְ גֶעזֶעצְט אִין פִינְסְטֶ־
טֶערֶע עֶרְטֶער אַזוֹי וִויא דִיא וָואס
זֶענֶען שׁוֹין לַאנְג טוֹיט
7 עֶר הָאט מִיךְ אַרוּמְגֶעצוֹימְט דָאס
אִיךְ קֶען נִיט אַרוֹיסְגֵיין, עֶר הָאט
מֵיינֶע קֵייטֶען שְׁוֶוער גֶעמַאכְט׃
8 אַפִילוּ וֶוען אִיךְ שְׁרֵייא אוּנְד בֶּעט,
אַזוֹי פֶערְשְׁטָאפְּט עֶר (זֵיינֶע אוֹירֶען)
פֿון מֵיין גֶעבֶּעט׃
9 עֶר הָאט מֵיין וֶועג בֶּעצוֹימְט מִיט
גֶעהוֹיעֶנֶע שְׁטֵיינֶער, אוּנְד עֶר הָאט
מֵיינֶע שְׁטֶעגֶען פֶערְקְרִימְט׃
10 עֶר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען וִויא אַ
בֶּער וָואס לוֹיעֶרְט, אוּנְד וִויא אַ לֵייבּ
אִים פֶערְבָּארְגֶענֶעם׃
11 עֶר הָאט אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט מֵיין
וֶועג, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ צוּשְׁטִיקְט
אוּנְד מִיךְ וִויסְט גֶעמַאכְט׃
12 עֶר הָאט זֵיין בּוֹיגֶען גֶעשְׁפַּאנְט
אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַהִינְגֶעשְׁטֶעלְט
אַזוֹי וִויא אַ צִיל צוּ דֶעם פַייל׃

13 עֶר הָאט גֶעמַאכְט זַיינֶע פַּיילֶען
אַרֵיינְקוּמֶען (אַרֵיינְשִׁיסֶען) אִין מֵיינֶע
נִירֶען פוּן דֶעם כְּלִי וָואס הֵייסְט אַשְׁפָּה׃
14 אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען פַאר אַ גֶע־
לֶעכְטֶער צוּ מֵיין גַאנְצֶען פָאלְק, אוּנְד
זֵייעֶר גֶעזַאנְג דֶעם גַאנְצֶען טָאג׃
15 עֶר הָאט מִיךְ גֶעזֶעטִיגְט מִיט
בִּיטֶערְקַייט, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אָנְ־
גֶעטְרוּנְקֶען מִיט וֶוערְמוּט׃
16 עֶר הָאט אוֹיךְ צוּבְּרָאכֶען מֵיינֶע
צֵיין מִיט דִיא קְלֵיינֶע שְׁטֵיינְלֶעךְ, עֶר
הָאט מִיךְ בֶּעדֶעקְט מִיט אַשׁ׃
17 אוּנְד דוּא הָאסְט מֵיין נֶפֶשׁ פֶערְ־
שְׁטוֹיסֶען פוּן שָׁלוֹם, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
פֶערְגֶעסֶען דָאס גוּטֶע׃
18 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט אַז מֵיינֶע
שְׁטַארְקְהֵייט אוּנְד מֵיינֶע הָאפֶענוּנְג אִיז
פֶערְלוֹירֶען פוּן גָאט׃
19 גֶעדֶענְק דָאךְ אָן מֵיין אֶלֶענְד,
מֵיינֶע מִיהְזֶעלִיגְקַייט, דָאס וֶוערְמוּט
אוּנְד דִיא גַאל׃
20 מֵיין נֶפֶשׁ גֶעדֶענְקְט עֶס גַאנְץ
גוּט, אוּנְד אִיךְ בִּין דַאדוּרְךְ אֵיינְ־
גֶעבּוֹיגֶען׃
21 דָאס דָאזִיגֶע טְהוּא אִיךְ צוּ מֵיין
הַארְץ צוּרִיקְקֶעהְרֶען, דַארוּם הָאבּ אִיךְ
אַ הָאפֶענוּנְג׃
22 עֶס אִיז גָאטְ'ס חֶסֶד דָאס מִיר
זָענֶען נָאךְ נִיט אוּמְגֶעקוּמֶען, וָוארִין
זַיינֶע דֶערְבַּארְמוּנְג הָאט נָאךְ נִיט אִים
גַאנְצֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט׃
23 זַייא זָענֶען דֶערְנֵייאֶרְט אִיטְלִיכֶען
פְרִיהמָארְגֶען, דֵיינֶע טְרֵייהֵייט אִיז
גְרוֹיס׃
24 גָאט אִיז מֵיין חֵלֶק זָאגְט מֵיין
נֶפֶשׁ, דַארוּם וֶועל אִיךְ צוּ אִיהְם
הָאפֶען׃

25 גָאט אִיז גוּט צוּ דִיא וָואס וַוארְ־
טֶען אוֹיף אִיהְם, צוּ דֶעם נֶפֶשׁ וָואס
פָארְשְׁט נָאךְ אִיהְם׃
26 עֶס אִיז גוּט פַאר אַ מֶענְשׁ דָאס
עֶר זָאל שְׁטִיל זַיין אוּנְד וַוארְטֶען אוֹיף
דִיא הִילְף פוּן גָאט׃
27 עֶס אִיז גוּט פַאר אַ מֶענְשׁ דָאס
עֶר זָאל טְרָאגֶען זַיין יָאךְ, אִין זַיינֶע
יוּגֶענְד׃
28 לָאז עֶר אַלֵיין זִיצֶען אוּנְד שְׁטִיל
שְׁוַוייגֶען וַוייל עֶר הָאט עֶס אוֹיף זִיךְ
אַלֵיין אוֹיפְגֶענוּמֶען׃
29 לָאז עֶר זַיין מוֹיל לֵייגֶען אִין דֶעם
שְׁטוֹיבּ, וָוארִין טָאמֶער אִיז נָאךְ פֶערְ־
הַאנְדֶען אַ הָאפֶענוּנְג׃
30 לָאז עֶר גֶעבֶּען זַיינֶע בַּאקֶען צוּ
דֶעם וָואס שְׁלָאגְט אִיהְם, עֶר זָאל זַיין
זַאט מִיט שַׁאנְד׃
31 וָוארִין גָאט וֶועט נִיט אוֹיף אֵייבִּיג
פֶערְוַוארְפֶען׃
32 וָוארִין חָאטְשֶׁע עֶר הָאט דִיךְ
גֶעמַאכְט טְרוֹירֶען, דָאךְ וֶועט עֶר זִיךְ
דֶערְבַּארְמֶען נָאךְ זַיינֶע גְרוֹיסֶע
חֲסָדִים׃
33 וָוארִין עֶר טְהוּט נִיט מִיט זַיין ווִילֶען
פַּיינִיגֶען, אוּנְד עֶר ווִיל אוֹיךְ נִיט בֶּעְ־
טְרִיבֶּען דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער׃
34 צוּ צוּשְׁטוֹיסֶען אוּנְטֶער זַיינֶע פִּיס
אַלֶע גֶעפַאנְגֶענֶע פוּן דֶער עֶרְד׃
35 אָפְּצוּנֵייגֶען דָאס פָּנִים פוּן אַ
מֶענְשׁ פוּן פַאר דֶעם פָּנִים פוּן דֶעם
אֵייבֶּערְשְׁטֶען׃
36 צוּ פֶערְקְרִימֶען אַ מֶענְשׁ אִין זַיין
קְרִיג, זָאל גָאט דָאס נִיט זֶעהֶען?
37 וֶוער אִיז דָאס דֶער וָואס זָאגְט
אוּנְד עֶס וֶועט אַזוֹי זַיין, וֶוען גָאט
הָאט עֶס נִיט גֶעבָּאטֶען?

38 אויס דֶעם מויל פון דֶעם אֵייבֶּער־
שְׁטֶען גָאט קוּמְט נִיט אַרויס שְׁלֶעכְטֶעס
אוּנְד גוּטֶעס :
39 פַארְוָואס זָאל זִיךְ דֶער לֶעבֶּעדִי־
גֶער מֶענְשׁ בֶּעקְלָאגֶען, אַ מֶענְשׁ פַאר
דִיא שְׁטְרָאף פוּן וֶועגֶען זַיינֶע זִינְד ?
40 לָאמֶיר אוּנְטֶערְזוּכֶען אוּנְד אוֹיס־
פָארְשֶׁען אוּנְזֶערֶע וֶועגֶען, אוּנְד לָאמֶיר
צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ גָאט :
41 לָאמֶיר אוֹיפְהֵייבֶּען אוּנְזֶערֶע הַארְ־
צֶער אוּנְד אוּנְזֶערֶע הֶענְד צוּ דֶעם
גָאט אִים הִימֶעל :
42 מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט אוּנְד מוֹרֵד
גֶעוֶועזֶען, אָבֶּער דוּא הָאסְט אוּנְס נִיט
פֶערְגֶעסֶען :
43 דוּא הָאסְט דִיךְ בֶּעדֶעקְט מִיט
צָארְן אוּנְד דוּא הָאסְט אוּנְס נָאכְגֶעגֶ־
יָאגְט, דוּא הָאסְט אוּנְס דֶערְשְׁלָאגֶען
אוּנְד דוּא הָאסְט דִיךְ נִיט דֶערְבַּארְמְט :
44 דוּא הָאסְט דִיךְ בֶּעדֶעקְט מִיט אַ
וָואלְקֶען, כְּדֵי אוּנְזֶער גֶעבֶּעט זָאל נִיט
צוּ דִיר דוּרְכְגֵיין :
45 דוּא הָאסְט אוּנְס גֶעמַאכְט אַזוֹי
וִויא שְׁמוּץ אוּנְד מִיאוּסְקֵייט צְוִוישֶׁען
דִיא פֶעלְקֶער :
46 אַלֶע אוּנְזֶערֶע פֵיינְד הָאבֶּען קֶעגֶען
אוּנְס זֵייעֶר מוֹיל אוֹיפְגֶעמַאכְט :
47 אַנְגְסְט אוּנְד אַ גְרוּבּ אִיז צוּ אוּנְס
גֶעוָוארֶען פֶערְוִוּיסְטוּנְג אוּנְד אַ בְּרָאךְ :
48 מֵיינֶע אוֹיגֶען רִינֶען מִיט טֵייכֶען
פוּן טְרֶערֶען, פוּן וֶועגֶען דֶעם בְּרָאךְ
פוּן דִיא טָאכְטֶער פוּן מֵיין פָאלְק :
49 מֵיינֶע אוֹיגֶען טְרִיפֶען אוּנְד שְׁטִי־
לֶען זִיךְ נִיט אָהְן אַ פֶערבְּרֵייטוּנְג :
50 בִּיז גָאט וֶועט אַרוּפְקוּקֶען פוּן
דֶעם הִימֶעל אוּנְד וֶועט עֶס זֶעהֶען :
51 מֵיינֶע אוֹיגֶען טְהוּן וֶוערְקֶען אוֹיף
מֵיין נֶפֶשׁ מֶעהְר וִויא אַלֶע טֶעכְטֶער
פוּן מֵיינֶע שְׁטָאט :
52 מֵיינֶע פֵיינְד הָאבֶּען מִיךְ אוּמְזוּסְט
נָאכְגֶעיָאגְט אַזוֹי וִויא אַ פוֹיגֶעל :
53 זֵייא הָאבֶּען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען מֵיין
לֶעבֶּען אִין דֶער גְרוּבּ, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אוֹיף מִיר גֶעוָוארְפֶען אַ שְׁטֵיין :
54 וַואסֶערְן זֶענֶען גֶעפְלָאסֶען אִיבֶּער
מֵיין קָאפּ, אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין
אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען :
55 אוֹי גָאט, אִיךְ הָאבּ אָנְגֶערוּפֶען דֵיין
נָאמֶען אוֹיס דֶער אוּנְטֶערשְׁטֶע גְרוּבּ :
56 דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט, מֵיין קוֹל,
אִיךְ בֶּעט דִיךְ פֶערְהוֹיל נִיט דֵיין
אוֹיעֶר פוּן מֵיין אָטֶעמֶען אוּנְד פוּן
מֵיין שְׁרֵייעֶן :
57 דוּא הָאסְט דִיךְ גֶענֶעהֶנְט אִין דֶעם
טָאג וֶוען אִיךְ הָאבּ דִיךְ אָנְגֶערוּפֶען,
אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט
נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען :
58 אוֹי גָאט, דוּא הָאסְט גֶעקְרִיגְט
דֶעם קְרִיג פוּן מֵיין נֶפֶשׁ, דוּא הָאסְט
אוֹיסְגֶעלֵייזְט מֵיין לֶעבֶּען :
59 אוֹי גָאט, דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען מֵיינֶע
פֶערקְרִימוּנְג, מִשְׁפָּט דָאךְ מֵיין מִשְׁפָּט :
60 דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אַלֶע זֵייעֶרֶע
נְקָמוֹת, אוּנְד אַלֶע זֵייעֶרֶע בֵּייזֶע
מַחְשָׁבוֹת קֶעגֶען מִיר :
61 אוֹי גָאט, דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט
זֵייעֶרֶע לֶעסְטֶערוּנְג (חֶרְפָּה) אוּנְד אַלֶע
זֵייעֶרֶע בֵּייזֶע מַחְשָׁבוֹת קֶעגֶען מִיר :
62 דִיא לִיפֶּען פוּן מֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד
זֵייעֶר טְרַאכְטֶען קֶעגֶען מִיר דֶעם
גַאנְצֶען טָאג :
63 קוּק דָאךְ אָן זֵייעֶר אַנִידֶערְזֶעצֶען
אוּנְד זֵייעֶר אוֹיפְשְׁטֵיין, וָוארִין אִיךְ בִּין
זֵייעֶר גֶעזַאנְג :

64 אוי גָאט, בֶּעצָאל זֵייא אַ פֶּערְגֶעלְטוּנְג נָאךְ דִיא וֶוערְק פוּן זֵייעֶרֶע הֶענְד :

65 גֶעבּ צוּ זֵייא אַ פֶּערְשְׁטָאפּוּנְג פוּן הַארְץ, לָאז דֵיינֶע קְלָלָה אִיבֶּער זֵייא אָנְקוּמֶען :

66 דוּא זָאלְסְט זֵייא נָאכְיָאגֶען דוּרְךְ דֶעם צָארְן, אוּנְד זָאלְסְט זֵייא פֶּערְטִילְגֶען פוּן אוּנְטֶער דִיא הִימֶעלְן אוּי גָאט :

## קאפיטעל ד

1 אוֹי וִויא אִיז דָאס גָאלְד גֶעוָוארֶען טוּנְקֶעל ! דָאס בֶּעסְטֶע פֵיינְגָאלְד אִיז פֶּערְעֶנְדֶערְט גֶעוָוארֶען, דִיא הֵיילִיגֶע שְׁטֵיינֶער זֶענֶען אוֹיסְגֶעגָאסֶען גֶעוָוארֶען אִין אַלֶע הוֹיפְּט גַאסֶען :

2 דִיא טֵייעֶרֶע זִיהְן פוּן צִיוֹן וָואס זֶענֶען גֶעגְלִיכֶען צוּ פֵיינְגָאלְד, וִויא אַזוֹי זֶענֶען זֵייא גֶעגְלִיכֶען צוּ אִירְדֶענֶע כֵּלִים, דִיא הַאנְד אַרְבֵּייט פוּן אַ טֶעפֶּער :

3 אַפִּילוּ דִיא יַם־שְׁלַאנְגֶען צִיהֶען אַרוֹיס דִיא בְּרוּסְט זֵייעֶרֶע יוּנְגֶען אָנְצוּזֵייגֶען, אָבֶּער דִיא טָאכְטֶער פוּן מֵיין פָאלְק אִיז גֶעוָוארֶען אוּמְדֶערְבַּארְמִיג אַזוֹי וִויא דִיא שְׁטְרוֹיס אִין דֶער מִדְבָּר :

4 אַפִּילוּ דִיא צוּנְג פוּן אַ יוּנְגֶען זֵייגְלִינְג אִיז בֶּעהֶעפְט צוּ זַיין גוֹימֶען וֶועגֶען דוּרְשְׁט, יוּנְגֶע קִינְדֶער בֶּעטֶען פַאר בְּרוֹיט, אָבֶּער קֵיינֶער דֶערְלַאנְגְט (בְּרֶעכְט) עֶס נִיט צוּ זֵייא :

5 דִיא וָואס פְּלֶעגֶען עֶסֶען דֶעלֶעקַאטֶע שְׁפֵּייזֶען, וֶוערֶען פֶּערְווִיסְט אִין דִיא גַאסֶען, דִיא וָואס זֶענֶען אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען אִין רוֹיט־גֶעפַארְבְּטֶע (זֵייד) הַאלְזֶען (אַצוּנְד) אַ מִיסְט־הוֹיפֶען :

6 וָוארִין דִיא זִינְד פוּן דִיא טָאכְטֶער פוּן מֵיין פָאלְק, אִיז גְרֶעסֶער וִויא דִיא זִינְד פוּן סְדוֹם וָואס אִיז פֶּערְקֶעהְרְט גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא אִין אַ רֶגַע, אוּנְד קֵיינֶע הֶענְד זֶענֶען דוּרְךְ אִיהְר קְרַאנְק גֶעוָוארֶען :

7 אִיהְרֶע נְזִירִים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען לוֹיטֶערֶער וִויא שְׁנֵייא, וֵויסֶער וִויא מִילְךְ, רוֹיטֶער אִין גֶעשְׁטַאלְט וִויא רוּבִּינֶען, אוּנְד אִיהְר גְלַאנְץ אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא אַיין סַפִּיר :

8 אָבֶּער זֵייעֶר גֶעשְׁטַאלְט אִיז שְׁוַוארְצֶער וִויא קוֹילֶען, זֵייא וֶוערֶען נִיט דֶערְקֶענְט אִין דִיא גַאסֶען, זֵייעֶר הוֹיט אִיז אוֹיף זֵייעֶרֶע בֵּיינֶער אֵיינְגֶעשְׁרוּמְפֶּען גֶעוָוארֶען, עֶס אִיז פֶּערְדַארְט גֶעוָוארֶען אַזוֹי טְרִיקֶען וִויא הָאלְץ :

9 דִיא וָואס וֶוערֶען דֶערְשְׁלָאגֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְט אִיז בֶּעסֶער וִויא דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע פוּן וֶועגֶען הוּנְגֶער, וָוארִין זֵייא רִינֶען בְּלוּט וִויא גֶעשְׁטָאכֶענֶע, אוּנְד וֵוייל עֶס פֶעהְלְט דִיא פְּרוּכְט פוּן דֶעם פֶעלְד :

10 דִיא הֶענְד פוּן דִיא בַּארְמְהֶערְצִיגֶע ווייבֶּער הָאבֶּען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע קִינְדֶער גֶעקָאכְט, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען זֵייעֶר עֶסֶען אִין דֶעם בְּרָאךְ פוּן דֶער טָאכְטֶער פוּן מֵיין פָאלְק :

11 גָאט הָאט פֶּערְלֶענְט זַיין צָארְן, עֶר הָאט אוֹיסְגֶעגָאסֶען זַיין גְרִימְצָארְן, אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעצִינְדֶען אַ פֵייעֶר אִין צִיוֹן, וָואס הָאט אַפִּילוּ פֶּערבְּרֶענְט אִיהְר גְרוּנְד :

12 דִיא מְלָכִים פוּן דֶער עֶרְד אוּנְד אַלֶע בֶּעוָואוינֶער פוּן דֶער וֶועלְט וָואלְטֶען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אַז דֶער בֶּעדְרֶענְגֶער אוּנְד פֵיינְד זָאל קֶענֶען אַרֵיינְקוּמֶען אִין דִיא טוֹיעֶרֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם :

13 פון װעגען די זינד פון איהרע
נביאים און די זינד פון איהרע
כהנים, איז דאס בלוט פון די
צדיקים אין איהר פערגאסען געװארען:
14 זײא זענען פערװאגעלט געװארען
אין די גאסען אזױ װיא די בלינדע,
זײא זענען אײנגעריכט געװארען מיט
בלוט אז מען האט זײא ניט געקענט
אנריהרען אן זײערע קלײדער:
15 זײא האבען אױסגערופען, קעהרט
אײך אװעק, עס איז טמא, קעהרט
אװעק, קעהרט אװעק, איהר זאלט
ניט אנריהרען! װארין אפילו װען זײא
פליהען אװעק װעלען זײא אױך פער־
װאגעלט זײן; מען װעט זאגען צװישען
די גוים, אז זײא טארען זיך ניט
מעהר דארטען אױפהאלטען:
16 דער צארן פון גאט האט זײא
צוטײלט, ער װעט זײא ניט מעהר
אנקוקען, װײל זײא האבען ניט
געאכטעט דאס פנים פון די כהנים,
זײא האבען ניט פערשױנט די
עלצטע:
17 אונזערע אױגען זענען אױסגעגאנ־
גען צו אונזערע הילף װאס איז הבל,
מיר האבען געהאפט אין אונזערע
האפענונג צו א פאלק װאס קען ניט
העלפען:
18 זײא האבען אונס נאכגעיאגט אין
אונזערע טריט, כדי מיר זאלען ניט
קענען גײן אין אונזערע גאסען, אונזער
ענד איז נאהענט, אונזערע טעג זענען
דערפילט געװארען, װארין אונזער
ענד איז אנגעקומען:
19 אונזערע נאכיאגערס זענען לײכ־
טער װיא די אדלערס פון דעם
הימעל, זײא האבען אונס נאכגעיאגט
אױף די בערג, זײא האבען אױף
אונס געלױערט אין דער מדבר:
20 דער אטעם פון אונזערע נאז,
דער געזאלבטער פון גאט, איז בע־
צװאונגען אין זײערע נעצען, פון װעמען
מיר האבען געזאגט, מיר װעלען לע־
בען אונטער זײן שאטען צװישען די
גוים:
21 פרײע דיך, אונד זײא פרײליך
דוא טאכטער פון אדום, װאס דוא
װאױנסט אין דעם לאנד עוץ, (װארין)
אױך איבער דיר װעט דער כוס
איבערפאהרען, דוא װעסט דיך אנ־
שיכורן אונד װעסט נאקעט װערען:
22 דײנע זינד האט זיך אױסגעלאזט,
אױ דוא טאכטער ציון, ער װעט דיך
ניט מעהר אין גלות פיהרען, ער װעט
בעשטראפען דײנע זינד אױ דוא
טאכטער פון אדום, ער װעט אױפ־
דעקען דײנע זינד:

## קאפיטעל ה

1 אױ גאט, געדענק װאס איז צו
אונס געװארען, קוק אן אונד זעה
אונזערע חרפה:
2 אונזערע נחלה איז אװעקגעקעהרט
צו פרעמדע, אונזערע הײזער (אױך)
צו פרעמדע:
3 מיר זענען געװארען יתומים, אהן
א פאטער, אונזערע מוטערס זענען
װיא אלמנות:
4 מיר האבען אונזער װאסער גע־
טרונקען פאר געלד, אונזער האלץ
װערט צו אונס אױך אריינגעבראכט
פאר א בעצאלונג:
5 מיר װערען נאכגעיאגט איבער
אונזערן האלז, מיר זענען מיד אבער
מען לאזט אונס ניט רוהען:

6 מִיר הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען דִיא הַאנְד צוּ מִצְרַיִם, אוּנְד צוּ אַשּׁוּר אַז זַייא זָאלֶען אוּנְס זַאט מַאכֶען מִיט בְּרוֹיט:

7 אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן (אָבוֹת) הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד זַייא זֶענֶען נִיט מֶעהְר דָא, אָבֶּער מִיר מוּזֶען לַיידֶען פַאר זַיירֶע זִינְד:

8 קְנֶעכְט גֶעוֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער אוּנְס, אוּנְד עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט דָא וָואס זָאל אוּנְס אוֹיסְלֵייזֶען פוּן זַיירֶע הֶענְד:

9 דוּרְךְ סַכָּנוֹת נְפָשׁוֹת הָאבֶּען מִיר אוּנְזֶערֶע שְׁפַּייז אַרַיינְגֶעבְּרֶענְגְט פוּן וֶועגֶען דֶעם שְׁוֶוערְט אִין דֶער מִדְבָּר:

10 אוּנְזֶערֶע הוֹיט הָאט זִיךְ דֶערְהִיצְט אַזוֹי וִויא אַיין אוֹיפֶען, פוּן וֶועגֶען דֶעם בְּרֶענֶען פוּן הוּנְגֶער:

11 זַייא הָאבֶּען גֶעפֵּיינִיגְט דִיא וַוייבֶּער אִין צִיוֹן, דִיא יוּנְגְפְרוֹיעֶן אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה:

12 דִיא פֶערְשְׁטֶען זֶענֶען דוּרְךְ זַיירֶע הֶענְד אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען גֶעוָוארֶען, דָאס פָּנִים פוּן דִיא עֶלְצְטֶע אִיז נִיט גֶע־אַכְטֶעט גֶעוָוארֶען:

13 דִיא בַּחוּרִים הָאבֶּען גֶעמוּסְט טְרָאגֶען אִין דֶער מִיהְל, אוּנְד יוּנְגֶען זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוּנְטֶער דֶעם הָאלְץ:

14 דִיא עֶלְצְטֶע הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶערְט (צוּ זַיין) בַּייא דֶעם טוֹיעֶר, דִיא יוּנְגֶע קִינְדֶער פוּן זַייעֶר גֶעזַאנְג:

15 דִיא פְרֵייד פוּן אוּנְזֶער הַארְץ הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט, אוּנְד אוּנְזֶער טַאנְץ הָאט זִיךְ פֶערְקֶעהְרְט אִין טְרוֹיעֶרִיגְקַייט:

16 דִיא קְרוֹין פוּן אוּנְזֶער קָאפּ אִיז אַרוּפְּגֶעפַאלֶען, אוֹי וֵויא אִיז דָאךְ צוּ אוּנְס, וֵוייל מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט:

17 אִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען הָאט אוּנְס אוּנְזֶער הַארְץ וֵוייא גֶעטְהוּן, אוּנְד וֶועגֶען דֶעם זֶענֶען אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען:

18 וֵוייל דֶער בַּארְג צִיוֹן אִיז פֶערְוִוירסְט גֶעוָוארֶען אַזוֹי גֵייעֶן דִיא פוּקְסֶען אִיבֶּער אִיהְם:

19 דוּא, אוֹי גָאט וֶועסְט אוֹיף אֵייבִּיג בְּלֵייבֶּען, דֵיין טְרוֹין־שְׁטוּהל אִיז פוּן דוֹר צוּ דוֹר!

20 פַארְוָואס טְהוּסְט דוּא אוּנְס אוֹיף אֵייבִּיג פֶערְגֶעסֶען? וַוארוּם זָאלְסְט דוּא אוּנְס פֶערְלָאזֶען אוֹיף אַזַא לַאנְגֶע צֵייט?

21 קֶעהְר אוּנְס דָאךְ וִוידֶער צוּ דִיר אוֹי גָאט, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר זַיין צוּרִיק־גֶעקֶעהְרְט, דֶערְנֵייעֶר אוּנְזֶערֶע טֶעג אַזוֹי וִויא פְרִיהֶער:

22 הָאסְט דוּא אוּנְס דֶען אִים גַאנְצֶען פֶערְוָוארְפֶען? הָאסְט דוּא אִיבֶּער אוּנְס אַזוֹי זֶעהְר גֶעצָארְנְט?

השיבנו יהוה אליך ונשובה חדש ימינו כקדם:

## חזק

אַלע פסוקים פון דעם ספר איכה זענען הונדערט אונד פיער אונד פופציג, דיא העלפט דערפון איז קאפיטעל ג׳ פסוק ל״ד, אונד האט פינף קאפיטעלן:

# ספר קהלת

### קאפיטעל א

1 דִיא װֶערְטֶער פוּן קֹהֶלֶת, דֶער זוּהְן
פוּן דָוִד, קֶענִיג פוּן יְרוּשָׁלַיִם׃
2 נַארִישְׁקֵייט פוּן נַארִישְׁקֵייטֶען!
זָאגְט קֹהֶלֶת, אַלֶעס אִיז נָאר נַארִישְׁ־
קֵייט פוּן נַארִישְׁקֵייטֶען׃
3 וָואס פַאר אַ נִיצֶען קוּמְט דֶעם
מֶענְשׁ אַרוֹיס פוּן אַלֶע זֵיינֶע מִידִיגְקֵייט
וָואס עֶר טְהוּט זִיךְ בֶּעמִיהֶען אוּנְטֶער
דֶער זוּן?
4 אֵיין דוֹר גֵייט אַװֶעק אוּנְד אֵיין
אַנְדֶערֶעס דוֹר קוּמְט אָן, אָבֶּער דִיא
עֶרְד בֶּעשְׁטֵייט אוֹיף אֵייבִּיג׃
5 דִיא זוּן שֵׁיינְט אוֹיף אוּנְד דִיא זוּן
גֵייט אוּנְטֶער, אוּנְד אֵיילְט זִיךְ וִוידֶער
צוּ קוּמֶען צוּ זֵיין אָרְט, אַװוּ עֶר אִיז
דָארְט אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען׃
6 עֶר גֵייט אוֹיף צוּ דָרוֹם־זֵייט, אוּנְד
רִינְגֶעלְט זִיךְ אַרוּם צוּ צָפוֹן־זֵייט, עֶר
רִינְגֶעלְט זִיךְ אַרוּם אוּנְד אַרוּם, אוּנְד
דֶער וִוינְד קֶעהְרְט זִיךְ וִוידֶער צוּרִיק
נָאךְ זֵיין אַרוּמְרִינְגֶעלְן׃
7 אַלֶע טֵייכֶען גֵייעֶן אַרֵיין אִין דֶעם
יַם, אוּנְד דָאךְ װֶערְט דָאס יַם קֵיינְמָאל
נִיט פוּל, פוּן דֶעם אָרְט פוּן וְואוּ דִיא
טֵייכֶען קוּמֶען דָארְט אַהִין קֶעהְרֶען
זֵייא זִיךְ צוּרִיק׃
8 אַלֶע זַאכֶען מַאכֶען אֵיינֶעם מִיד,
קֵיין מֶענְשׁ קֶען זֵייא נִיט אוֹיסְרֶעדֶען,
דָאס אוֹיג קֶען נִיט זַאט װֶערֶען עֶס
אָנְצוּזֶעהֶען, אוּנְד דָאס אוֹיעֶר װֶערְט
נִיט פוּל עֶס אוֹיסְצוּהֶערֶען׃
9 דָאס וָואס אִיז שׁוֹין גֶעװֶעזֶען דָאס
װֶעט נָאךְ זֵיין, אוּנְד דָאס וָואס אִיז
שׁוֹין גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען דָאס װֶעט נָאכְ־
אַמָאל גֶעטְהוּן װֶערֶען, אוּנְד עֶס אִיז
גָאר קֵיין שׁוּם נֵייעֶ זַאךְ פֶערְהַאנְדֶען
אוּנְטֶער דֶער זוּן׃
10 עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ זַאךְ, פוּן
וָואס אֵיינֶער זָאגְט, זֶעה דָאס אִיז נֵייא,
אָבֶּער דָאס אִיז שׁוֹין פוּן לַאנְג גֶע־
װֶעזֶען, פוּן אֵייבִּיג אָן אִיז דָאס שׁוֹין
פַאר אוּנְזֶערֶע צֵייטֶען גֶעװֶעזֶען׃
11 עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין אָנְדֶענְקֶען
פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע (זַאכֶען), אוּנְד עֶס
װֶעט אוֹיךְ קֵיין אָנְדֶענְקֶען נִיט זֵיין
פַאר דִיא לֶעצְטֶע זַאכֶען וָואס װֶעלֶען
שְׁפֶּעטֶער זֵיין װֶען זֵייא װֶעלֶען נָאכְ־
דֶעם זֵיין׃
12 אִיךְ קֹהֶלֶת בִּין גֶעװֶעזֶען מֶלֶךְ
אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אִין יְרוּשָׁלַיִם׃
13 אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען מֵיין הַארְץ צוּ
זוּכֶען אוּנְד אוֹיסְצוּפָארְשֶׁען דוּרְךְ חָכְמָה
אַלֶעס וָואס עֶס װֶערְט גֶעטְהוּן אוּנְטֶער
דֶעם הִימֶעל, אָבֶּער דָאס אִיז (אוֹיךְ) אַ
שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ וָואס גָאט הָאט גֶעגֶע־
בֶּען צוּ דִיא מֶענְשֶׁען כְּדֵי זִיךְ דֶערְמִיט
צוּ פֵּייניגֶען׃
14 אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַלֶע מַעֲשִׂים
וָואס װֶערֶען גֶעטְהוּן אוּנְטֶער דִיא
זוּן, אוּנְד זֶעה, אַלֶעס אִיז נַארִישְׁקֵייט
אוּנְד פוּן אַ צוּבְּרָאכֶען גֶעמִיט׃
15 דָאס וָואס אִיז פֶערקְרִימְט קֶען
נִיט גְלֵייךְ גֶעמַאכְט װֶערֶען, אוּנְד דָאס
וָואס פֶעהְלְט קֶען נִיט צוּגֶעצֵיילְט
װֶערֶען׃



אִיךְ

16 איך האָב גערעט מיט מיין אייגען האַרץ אַזוי צו זאָגען, זעה איך בין גרויס געוואָרען, אונד איך האָב מעהר חכמה בעקומען פון אַלע דיא וואָס זענען פאַר מיר געוועזען אין ירושלים, אונד מיין האַרץ האָט גע־זעהען פיל חכמה אונד וויסענשאַפט:

17 אונד איך האָב מיין האַרץ אַהינ־געגעבען כדי צו וויסען חכמה אונד צו דערקענען נאַרישקייט אונד משוגעת, אונד איך האָב דערקענט אַז דאָס איז אויך נאָר אַ צובראָכען געמיט:

18 וואָרין אין פיל חכמה איז אויך פיל צאָרן, אונד דער וואָס פערמעהרט זיך וויסענשאַפט פערמעהרט זיך וויי־טאָג:

## קאַפּיטעל ב

1 איך האָב מיר געטראַכט אין מיין האַרץ, קום דאָך, לאָז מיך פּריפען דיא שמחה אונד איינזעהען דאָס גוטע, אָבער זעה, דאָס איז אויך נאָר נאַרישקייט:

2 צו דעם לאַכען האָב איך געזאָגט, דאָס איז משוגעת, אונד צו דער שמחה, וואָס טהוט זיא?

3 איך האָב געטראַכט אין מיין האַרץ, אַז איך וועל מיך אַהינגעבען (אָנגעוויינען) צו דעם וויין, אונד אַז מיין האַרץ זאָל זיך פיהרען (נוהג זיין) אין דער חכמה, אָדער איך זאָל אָנהאַל־טען אָן נאַרישקייט, ביז איך וועל זעהען וועלכע זאַך עס איז בעסער פאַר דיא מענשען־קינדער, דאָס זייא זאָלען טהון אונטער דעם הימעל אין דיא צאָהל פון דיא טעג פון זייער לעבען:

4 איך האָב מיינע מעשים גרויס געמאַכט, איך האָב מיר געבויעט הייזער, אונד האָב מיר געפלאַנצט וויינגערטען:

5 איך האָב מיר געמאַכט גערטען אונד בוים־גערטען, אונד איך האָב אין זייא געפלאַנצט אַלערלייא פרוכט־ביימער:

6 איך האָב מיר אויך געמאַכט וואַסער טייכען, פון זייא צו בעוועסערן דעם וואַלד וואָס מאַכט וואַקסען דיא ביימער:

7 איך האָב מיר אָנגעשאַפט קנעכט אונד דינסט־מיידען, אונד איך האָב געהאַט אַ (גרויס) הויזגעזינד, איך האָב אויך געהאַט פיל פיה, רינדער אונד שאָף מעהר פון אַלע וואָס זענען פאַר מיר געוועזען אין ירושלים:

8 איך האָב מיר אויך אָנגעזאַמעלט זילבער אונד גאָלד אונד טייערע זאַכען פון מלכים אונד מדינות, איך האָב מיר אָנגעשאַפט זינגערס אונד זינגע־רינס אונד אַלערלייא תענוגים פון דיא מענשען קינדער, הויפען איבער הוי־פען:

9 אַזוי בין איך פיל גרעסער געוואָרען פון אַלע וואָס זענען פאַר מיר געוועזען אין ירושלים, אויך איז מיינע חכמה בייא מיר פערבליבען:

10 אונד אַלעס וואָס מיינע אויגען האָבען נאָר פערלאַנגט האָב איך ניט פון זייא צוריקגעהאַלטען, איך האָב ניט פון מיין האַרץ צוריקגעהאַלטען קיינערלייא שמחה, וואָרין מיין האַרץ האָט זיך געפרייט אין אַלע מיינע אַרבייט, אונד דאָס איז געוועזען דאָס חלק פון מיינע גאַנצע אַרבייט:

11 אונד דערנאָך האָב איך מיך

גֶעקֶעהְרְט (אַכְטוּנְג צוּ גֶעבֶּען) צוּ אַלֶע אַרְבֵּייט וָואס מֵיינֶע הֶענְד הָאבֶּען גֶעטְהוּן, אוּנְד צוּ אַלֶע בֶּעמִיהוּנְג וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ בֶּעמִיהְט צוּ טְהוּן, אוּנְד זֶעה, אַלֶעס אִיז נַארִישְׁקֵייט אוּנְד פוּן אַ צוּבְּרָאכֶען גֶעמִיט, אוּנְד עֶס נִיצְט גָארְנִיט אוּנְטֶער דֶער זוּן׃

12 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעקֶעהְרְט צוּ זֶעהֶען חָכְמָה, אוּנְד מְשֻׁגַעַת אוּנְד דִיא נַארִישְׁקֵייט, וָוארִין וָואס קֶען דֶען דֶער מֶענְשׁ טְהוּן וָואס קוּמְט הִינְטֶער דֶעם מֶלֶךְ? אַפִּילוּ אִין דֶעם וָואס אִיז שׁוֹין גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען׃

13 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אַז דִיא חָכְמָה אִיז מֶעהְר נוּצְלִיךְ וִויא דִיא נַארִישְׁקֵייט, גְרָאד אַזוֹי פִיל מֶעהְר וִויא דָאס לִיכְט אִיז פוּן דֶער פִינְסְטֶערְנִיס׃

14 דֶער חָכָם הָאט זֵיינֶע אוֹיגֶען אִין זֵיין קָאפּ, אָבֶּער דֶער נַאר גֵייט אַרוּם אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ דֶערְקֶענְט אַז אֵיינֶע זַאךְ טְרֶעפְט זֵייא אַלֶע אָן׃

15 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט אִין מֵיין הַארְץ, וֶוען דָאס וָואס טְרֶעפְט אָן דֶעם נַאר טְרֶעפְט אוֹיךְ מִיךְ אָן, אוּנְד פַארְוָואס בִּין אִיךְ דֶען קְלִיגֶער? אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט אִין מֵיין הַארְץ אַז דָאס אִיז אוֹיךְ נַארִישְׁקֵייט׃

16 וָוארִין דֶער חָכָם וֶוערְט נִיט מֶעהְר דֶערְמַאנְט וִויא דֶער נַאר אִין דֶער אֵייבִּיגְקֵייט, וָוארִין דָאס וָואס אִיז אַצוּנְד וֶועט אִין שְׁפֶּעטֶערֶע צֵייטֶען אַלֶעס פֶערְגֶעסֶען וֶוערֶען, אוּנְד וִויא שְׁטַארְבְּט דֶער חָכָם? גְרָאד אַזוֹי וִויא דֶער נַאר׃

17 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דָאס לֶעבֶּען פֵיינְד גֶעהַאט, ווייל דִיא מַעֲשִׂים וָואס וֶוערֶען גֶעטְהוּן אוּנְטֶער דִיא זוּן זֶענֶען מִיר אִיבֶּעל גֶעפַאלֶען, וָוארִין אַלֶעס אִיז נַארִישְׁקֵייט אוּנְד פוּן אַ צוּבְּרָאכֶען גֶעמִיט׃

18 אוּנְד אִיךְ הָאבּ פֵיינְד גֶעהַאט אַלֶע מֵיינֶע בֶּעמִיהוּנְג, מִיט וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ בֶּעמִיהְט אוּנְטֶער דִיא זוּן, ווייל אִיךְ וֶועל עֶס מוּזֶען אִיבֶּערְלָאזֶען צוּ דֶעם מֶענְשׁ וָואס וֶועט נָאךְ מִיר זֵיין׃

19 אוּנְד וֶוער וֵייסְט אוֹיבּ עֶר וֶועט זֵיין אַ חָכָם אָדֶער אַ נַאר, אוּנְד עֶר וֶועט גֶעוֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער אַלֶע מֵיינֶע בֶּעמִיהוּנְגֶען וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ בֶּעמִיהְט, אוּנְד מִיט וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוֹיסְגֶעקְלִיגְט אוּנְטֶער דֶער זוּן, דָאס אִיז אוֹיךְ נַארִישְׁקֵייט׃

20 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מִיךְ אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט כְּדֵי אִיךְ זָאל מִיךְ נִיט מְיַאֵשׁ זֵיין (פֶערְצְוֵוייפֶעלְן) פוּן וֶועגֶען דֶער גַאנְצֶער בֶּעמִיהוּנְג מִיט וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ בֶּעמִיהְט אוּנְטֶער דֶער זוּן׃

21 וָוארִין עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ מֶענְשׁ וָואס בֶּעמִיהְט זִיךְ אִין דֶער חָכְמָה אוּנְד אִין וִויסֶענְשַׁאפְט, אוּנְד אִין רֶעכְטשַׁאפֶענְהֵייט, אוּנְד צוּ דֶעם מֶענְשׁ וָואס הָאט זִיךְ גָאר נִיט דֶערְמִיט בֶּעמִיהְט דֶעם וֶוערְט זֵיין חֵלֶק אָפְּגֶעגֶעבֶּען, אוֹיךְ דָאס אִיז נַארִישְׁקֵייט אוּנְד אַ גְרוֹיסֶע שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ׃

22 וָוארִין וָואס הָאט דֶען דֶער מֶענְשׁ פַאר זֵיינֶע גַאנְצֶע בֶּעמִיהוּנְג, אוּנְד פוּן זֵיין הַארְצְבְּרֶעכֶענִיס, מִיט וָואס עֶר הָאט זִיךְ בֶּעמִיהְט אוּנְטֶער דֶער זוּן?

23 וָוארִין אַלֶע זֵיינֶע טֶעג זֶענֶען אִין וֵוייטָאג אוּנְד קְוֶועלֶערֵייא, אוּנְד צָארְן, אַפִּילוּ בֵּייא דֶער נַאכְט קֶען זֵיין הַארְץ

נִיט

נִיט רוּהִיג לִיגֶען, דָאס אִיז אוֹיךְ נַארִישְׁקַייט׃

24 עֶס אִיז גָאר נִיט בֶּעסֶערֶעס פֶּערְ־הַאנְדֶען פַאר אַ מֶענְשׁ גֵייֶערְט עֶר זָאל עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען, אוּנְד אַז עֶר זָאל פַאר זִיךְ אָנְזֶעהֶען דָאס גוּטֶע פוּן זַיינֶע בֶּעמִיהוּנְג, דָאס הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ גֶעזֶע־הֶען אַז עֶס אִיז פוּן דֶער הַאנְד פוּן גָאט׃

25 וָוארִין וֶוער קֶען דֶען מֶעהר עֶסֶען אוּנְד זִיךְ דֶערְצוּ אֵיילֶען חוּץ מִיר?

26 וָוארִין (גָאט) גֶעט צוּ אַ זָאלְכֶען מֶענְשׁ וָואס אִיז פַאר אִיהְם גוּט, חָכְמָה אוּנְד וִויסֶענְשַׁאפְט אוּנְד פְרֵייד, אָבֶּער צוּ דֶעם זִינְדֶער גֶעט עֶר (גָאט) אַזוֹי אֵיין פִּיהְרוּנְג אַז עֶר זָאל אֵיינְזַאמֶעלְן אוּנְד אָנְשַׁאפֶען, כְּדֵי עֶס צוּ גֶעבֶּען צוּ דֶעם וָואס אִיז גוּט פַאר גָאט, דָאס אִיז אוֹיךְ נַארִישְׁקַייט אוּנְד אַ צוּבְּרָא־כֶען גֶעמִיט׃

## קאפיטעל ג

1 צוּ אִיטְלִיכֶע זַאךְ אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ צֵייט, אוּנְד צוּ אִיטְלִיכֶען פֶערְ־לַאנְגֶען אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל׃

2 אַ צֵייט גֶעבּוֹירֶען צוּ וֶוערֶען, אוּנְד אַ צֵייט צוּ שְׁטַארְבֶּען; אַ צֵייט אֵיינְ־צוּפְלַאנְצֶען, אוּנְד אַ צֵייט אוֹיסְצוּר־רֵייסֶען וָואס אִיז גֶעפְּלַאנְצְט׃

3 אַ צֵייט אוֹיסְצוּהַרְגְ'ן אוּנְד אַ צֵייט צוּ הֵיילֶען, אַ צֵייט אָפְּצוּבְּרֶעכֶען, אוּנְד אַ צֵייט אוֹיפְצוּבּוֹיעֶן׃

4 אַ צֵייט צוּ וֵויינֶען, אוּנְד אַ צֵייט צוּ לַאכֶען; אַ צֵייט צוּ קְלָאגֶען, אוּנְד אַ צֵייט צוּ טַאנְצֶען׃

5 אַ צֵייט שְׁטֵיינֶער אַוֶועקְצוּוַוארְפֶען, אוּנְד אַ צֵייט שְׁטֵיינֶער אֵיינְצוּזַאמֶעלְן; אַ צֵייט אוּמְצוּהַאלְזֶען, אוּנְד אַ צֵייט זִיךְ צוּרֶערְוַוייטֶערְן פוּן אוּמְצוּהַאלְזֶען׃

6 אַ צֵייט צוּ זוּכֶען, אוּנְד אַ צֵייט צוּ פֶערְלִירֶען; אַ צֵייט צוּ הִיטֶען, אוּנְד אַ צֵייט אַוֶועקְצוּוַוארְפֶען׃

7 אַ צֵייט צוּ צוּרֵייסֶען, אוּנְד אַ צֵייט צוּם צוּנֵייֶען; אַ צֵייט שְׁטִיל צוּ שְׁוֵוייגֶען, אוּנְד אַ צֵייט צוּ רֶעדֶען׃

8 אַ צֵייט צוּ לִיבֶּען, אוּנְד אַ צֵייט צוּ הַאסֶען; אַ צֵייט מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, אוּנְד אַ צֵייט צוּ הָאבֶּען שָׁלוֹם׃

9 וָואס פַאר אַ נוּצֶען הָאט דֶער וָואס אַרְבֵּייט אִין דֶעם וָואס עֶר בֶּעמִיהְט זִיךְ?

10 אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא אֵיינְ־פִּירוּנְג (דֶעם עִנְיָן) וָואס גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער כְּדֵי זִיךְ דֶערְמִיט צוּ פֵּיינִיגֶען׃

11 עֶר הָאט אַלֶעס גֶעמַאכְט שֵׁיין אִין זַיינֶער צֵייט, עֶר הָאט אַפִילוּ דִיא וֶועלְט (זַאכֶען) גֶעגֶעבֶּען אִין זַייעֶר הַארְץ, כְּדֵי קֵיין מֶענְשׁ זָאל נִיט קֶענֶען אוֹיסְגֶעפִינֶען דִיא מַעֲשִׂים וָואס גָאט הָאט גֶעטְהוּן פוּן דֶעם אָנְפַאנְג בִּיז צוּם סוֹף׃

12 אִיךְ ווייס אַז עֶס אִיז נִיט קֵיין גוּטֶעס אִין זֵייא, גֵייעֶרְט אַז אַ מֶענְשׁ זָאל זִיךְ פְרֵייעֶן אוּנְד גוּטֶעס טְהוּן בֵּייא זַיין לֶעבֶּען׃

13 אוּנְד אוֹיךְ אַז אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ זָאל עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען, אוּנְד זָאל זֶעהֶען דָאס גוּטֶע פוּן אַלֶע זַיינֶע אַרְבֵּייט, דָאס אִיז אַ גָאבּ פוּן גָאט׃

14 אִיךְ ווייס אַז אַלֶעס וָואס גָאט טְהוּט, דָאס וֶועט בְּלֵייבֶּען אוֹיף אֵייבִּיג, צוּ דֶעם קֶען גָארְנִיט צוּגֶעטְהוּן וֶוערֶען, אוּנְד דֶערְפוּן קֶען נִיט גֶעמִינֶערְט וֶוערֶען, אוּנְד דָאס טְהוּט גָאט כְּדֵי (דִיא מֶענְשֶׁען) זָאלֶען פַאר אִיהְם מוֹרָא הָאבֶּען׃

15 דָאס וָואס אִיז שוין גֶעוֶועזֶען אִיז אַצוּנְד, אוּנְד דָאס וָואס וֶועט עֶרְשְׁט זַיין אִיז אויךְ שוין גֶעוֶועזֶען, אוּנְד גָאט זוּכְט דָאס וָואס אִיז פֶערְיָאגְט גֶעוָוארֶען:

16 אוּנְד אִיךְ הָאבּ נָאךְ גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער דֶער זוּן דֶעם אָרְט פוּן מִשְׁפָּט, דָארְט אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס רִשְׁעַת, אוּנְד דֶעם אָרְט פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד דָארְט אִיז אויךְ גֶעוֶועזֶען דָאס רִשְׁעַת:

17 אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט אִין מֵיין הַארְץ, גָאט זָאל מִשְׁפָּט'ן דֶעם צַדִּיק מִיט דֶעם רָשָׁע, וָוארִין עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ צַייט פַאר אַלֶע זַאכֶען, אוּנְד פַאר אַלֶע מַעֲשִׂים דָארְטֶען:

18 אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט אִין מֵיין הַארְץ פוּן וֶועגֶען דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער כְּדֵי גָאט זָאל עֶס צוּ זֵייא קְלָאר מַאכֶען, אוּנְד אַז זֵייא זָאלֶען אַלֵיין אֵיינְזֶעהֶען אַז זֵייא זֶענֶען גְרָאד אַזוֹי וִויא דִיא בְּהֵמָה:

19 וָוארִין, דָאס וָואס טְרֶעפְט אָן דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער טְרֶעפְט אויךְ אָן דִיא בְּהֵמָה אוּנְד אֵיין בֶּעגֶעגְנִים אִיז צוּ זֵייא (בֵּיידֶע), אַזוֹי וִויא דֶער שְׁטַארְבְּט אַזוֹי שְׁטַארְבְּט אויךְ יֶענֶער, אוּנְד אֵיין גֵייסְט אִיז צוּ אַלֶע, אוּנְד וָואס אִיז דֶער מֶענְשׁ מֶעהְר פוּן דֶער בְּהֵמָה? גָארְנִיט! וָוארִין אַלֶעס אִיז נַארִישְׁקֵייט:

20 אַלֶעס גֵייט צוּ אֵיין אָרְט, אוּנְד אַלֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם שְׁטוֹיבּ, אוּנְד אַלֶעס קֶעהְרְט צוּרִיק צוּ דֶעם שְׁטוֹיבּ:

21 וֶוער ווייסְט דֶעם גֵייסְט פוּן דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער וָואס גֵייט אַרוֹיף נָאךְ אוֹיבֶּען, אוּנְד דֶעם גֵייסְט פוּן דִיא בְּהֵמָה וָואס נִידֶערְט אַרוֹפּ צוּ דֶער עֶרְד?

22 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אֵיינְגֶעזֶעהֶען אַז עֶס אִיז גָאר נִיט בֶּעסֶערֶעס פֶערְהַאנְדֶען נֵייעֶרְט אַז דֶער מֶענְשׁ זָאל זִיךְ פְרֵייעֶן מִיט זַיינֶע אֵייגֶענֶע אַרְבֵּייט, וָוארִין דָאס אִיז זַיין חֵלֶק, וָוארִין וֶוער וֶועט אִיהְם בְּרֶענְגֶען צוּ זֶעהֶען וָואס עֶס וֶועט נָאךְ אִיהְם זַיין?

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַלֶע אוּנְטֶערְדְרִיקוּנְגֶען וָואס וֶוערֶען גֶעטְהוּן אוּנְטֶער דֶער זוּן, אוּנְד וֶועה, דִיא טְרֶערֶען פוּן דִיא וָואס זֶענֶען אוּנְטֶערְדְרִיקְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט אַ טְרֵייסְטֶער, אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען זֵייא אוּנְטֶערְדְרִיקְט הָאבֶּען אַ כּוֹחַ, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט קֵיין טְרֵייסְטֶער:

2 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעלוֹיבְּט דִיא טוֹיטֶע וָואס זֶענֶען שוין פוּן לַאנְג טוֹיט מֶעהְר וִויא דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע וָואס לֶעבֶּען נָאךְ:

3 אָבֶּער בֶּעסֶער פוּן זֵייא בֵּיידֶע, אִיז דֶער וָואס אִיז נָאךְ נִיט גֶעוֶועזֶען (אוֹיף דֶער וֶועלְט), וָואס הָאט נָאךְ נִיט גֶעזֶעהֶען דִיא בֵּייזֶע מַעֲשִׂים וָואס וֶוערֶען גֶעטְהוּן אוּנְטֶער דִיא זוּן:

4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ (ווייטֶער) גֶעזֶעהֶען דִיא גַאנְצֶע בֶּעמִיהוּנְג, אוּנְד אִיטְלִיכֶע רֶעכְטשַׁאפֶענֶע זַאךְ פוּן דֶער אַרְבֵּייט, אַז פוּן וֶועגֶען דֶעם אִיז אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן מְקַנֵּא, אויךְ דָאס אִיז נַארִישְׁקֵייט אוּנְד אַ צוּבְּרָאכֶענֶעס גֶעמִיט:

5 דֶער נַאר לֵייגְט צוּזַאמֶען זַיינֶע הֶענְד אוּנְד עֶסְט זַיין אֵייגֶענֶעס פְלֵיישׁ:

6 עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ הָאבֶּען אֵיינֶע הַאנְד־פוּל (אַ בִּיסֶעלֶע) מִיט נַחַת רוּחַ, אֵיידֶער צוּ הָאבֶּען בֵּיידֶע הֶענְד

פול מיט מידינקייט אונד א צובראכען
געמיט :
7 אונד איך האב מיך ווידער אומ־
געקעהרט, אונד איך האב געזעהען
דיא נארישקייט אונטער דיא זון :
8 עס איז פערהאנדען א מענש
אליין, אונד עס איז ניט דא א
צווייטער צו איהם, ער האט אויך ניט
קיין זוהן אונד קיין ברודער, אונד
דאך איז ניט דא קיין סוף צו זיינע
ארבייט, אויך איז זיין אויג ניט זאט
פון דעם עשירות (וואס ער האט),
(ער טראכט) פאר וועמען בעמיה איך
מיך אונד איך לאז מיר אליין פעהלען
פון דעם גוטען ? אויך דאס איז
נארישקייט אונד דאס איז א שלעכטער
ענין :
9 צווייא זענען בעסער וויא איינער,
ווייל זייא האבען א גוטען שכר פאר
זייער ארבייט :
10 וואדרין ווען זייא פאלען, אזוי וועט
איינער דעם אנדערן העלפען אויפ־
שטיין, אבער ווייא צו דעם וואס איז
גאנץ אליין, וואדרין ווען ער פאלט
אזוי האט ער ניט קיינעם וואס זאל
איהם העלפען אויפצושטיין :
11 אונד אויך ווען צווייא ליגען
צוזאמען אזוי ווערען זייא ווארם, אבער
וויא קען איינער אליין ווארם ווערען ?
12 אונד ווען איינער קומט איינעם
בייא, אזוי וועלען זיך צווייא קעגען
איהם אויפשטעלען, וואדרין א דרייא־
פאכעס שנירעל קען ניט געשווינד
צוריסען ווערען :
13 עס איז בעסער איין ארעמעס
אונד קלוגעס קינד, איידער איין
אלטער מלך וואס איז א נאר, וואס
ווייסט ניט מעהר צו װארענען :
14 וואדרין ער קומט ארויס פון דעם
געפענגעניס צו רעגירען, וואדרין אפילו
דער וואס איז געבוירען אין זיין
קעניגרייך ווערט ארעם :
15 איך האב געזעהען אלע לעבעדי־
גע ארומגיין אונטער דער זון מיט
איין אנדערן קינד וואס וועט אויפשטיין
אויף זיינע שטעל :
16 עס איז קיין סוף צו דעם גאנצען
פאלק, אפילו צו אלע וואס זענען גע־
וועזען פאר זייא, אפילו דיא וואס
וועלען נאך זייא קומען וועלען זיך
אויך ניט אין איהם פרייען וואדרין אויך
דאס איז נארישקייט אונד א צובראכען
געמיט :
17 היט דיין פוס ווען דוא גייסט
אריין אין גאט'ס הויז, אונד זייא
נאהענטער צו הערען איידער צו
געבען דאס קרבן פון דיא נארונגעם,
וואדרין זייא ווייסען ניט אז זייא טהון
שלעכטעס :

## קאפיטעל ה

1 דוא זאלסט דיך ניט איילען מיט
דיין מויל, אונד לאז ניט דיין הארץ
געשווינד זיין א ווארט ארויסצוברענגען
פאר גאט, וואדרין גאט איז אין דעם
הימעל אונד דוא ביזט אויף דער ערד,
דאריבער לאזען דיינע ווערטער זיין
(גאנץ) ווייניג :
2 וואדרין א חלום קומט דורך פילע
ענינים, אונד דאס קול פון א נאר
ווערט בעקאנט דורך פילע ווערטער :
3 ווען דוא וועסט טהון א נדר צו
גאט אזוי זאלסט דוא ניט פערזוימען
איהם צו בעצאלען, וואדרין ער האט
קיינע לוסט אן דיא נארונים, אבער


וואס

וָואס דוא הָאסְט מְנַדֵר גֶעוֶועזֶען דָאס
זָאלְסְט דוא בֶּעצָאלֶען׃
4 עֶס אִיז בֶּעסֶער אַז דוא זָאלְסְט
נִיט מְנַדֵר זַיין אֵיידֶער דוא זָאלְסְט
מְנַדֵר זַיין אוּנְד נִיט בֶּעצָאלֶען׃
5 דוא זָאלְסְט נִיט צוּ לָאזֶען אַז דַיין
מויל זָאל מַאכֶען זִינְדִיגֶען דַיין לֵייבּ,
אוּנְד דוא זָאלְסְט אויךְ נִיט זָאגֶען פַאר
דֶעם מַלְאָךְ אַז עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין
אִירְטוּם (שׁוֹגֵג), פַארְוָואס זָאל גָאט
צָארְנֶען אִיבֶּער דַיין קוֹל אוּנְד פֶערְ־
דַארְבֶּען דִיא מַעֲשִׂים פוּן דַיינֶע הֶענְד?
6 וָוארִין דוּרְךְ פִילֶע חֲלוֹמוֹת אוּנְד
פִילֶע וֶוערְטֶער זֶענֶען אויךְ נַארִישְׁ־
קֵייטֶען אָבֶּער דוא זָאלְסְט מוֹרָא הָאבֶּען
פַאר גָאט׃
7 וֶוען דוא זֶעהְסְט דִיא אוּנְטֶערְ־
דְרִיקוּנְג פוּן דֶעם אָרֶעמֶען, אוּנְד גַזְלָנוּת
אִין דֶעם מִשְׁפָּט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
אִין אַ מְדִינָה אַזוֹי זָאלְסְט דוא דִיךְ
נִיט וְואוּנְדֶערְן אִיבֶּער דֶער זַאךְ, וָוארִין
דֶער וָואס אִיז הֶעכֶער פוּן דֶעם הוֹיכֶען
הִיט דִיא זַאךְ, אוּנְד עֶר אִיז הֶעכֶער
אִיבֶּער זֵייא׃
8 אָבֶּער דִיא פֶערְמֶעהְרוּנְג (דִיא
תְּבוּאָה) פוּן דֶעם לַאנְד אִיז פַאר אַלֶע,
אַפִילוּ דֶער מֶלֶךְ וֶוערְט בֶּעדִינְט פוּן
דֶעם פֶעלְד׃
9 דֶער וָואס לִיבְּט גֶעלְד דֶער וֶוערְט
נִיט זַאט פוּן גֶעלְד, אויךְ נִיט דֶער
וָואס לִיבְּט רֵייכְטוּם עֶר וֶועט נִיט
הָאבֶּען קֵיין אֵיינְקוּמֶען תְּבוּאָה; אויךְ
דָאס אִיז נַארִישְׁקֵייט׃
10 וֶוען דָאס גוּטֶע פֶערְמֶעהְרְט זִיךְ
אַזוֹי פֶערְמֶעהְרֶען זִיךְ אויךְ דִיא וָואס
עֶסֶען עֶס, אָבֶּער וָואס פַאר אַ גוּטֶעס
אִיז דָאס צוּ דִיא אֵייגֶענְטִימֶער'ס,
גֵייעֶרְט אַז עֶר זֶעהְט עֶס נָאר אָן מִיט
זַיינֶע אויגֶען׃
11 דֶער שְׁלָאף פוּן דֶעם אַרְבֵּייטֶער
אִיז זִיס, אוֹיבּ עֶר עֶסְט וֵויינִיג אָדֶער
פִיל, אָבֶּער דִיא זַאטְקֵייט פוּן דֶעם
רֵייכֶען גֶעט אִיהְם נִיט קֵיינֶע מְנוּחָה
צוּשְׁלָאפֶען׃
12 עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ שְׁלֶעכְטֶע
קְרַאנְקְהֵייט וָואס, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען
אוּנְטֶער דֶער זוּן, אוּנְד דָאס אִיז,
עֲשִׁירוּת וָואס וֶוערְט גֶעהִיט פַאר זַיין
אֵייגֶענְטִימֶער צוּ זַיין אֵייגֶען אוּמְגְלִיק׃
13 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע עֲשִׁירוּת וֶוערְט
פֶערְלוֹירֶען דוּרְךְ אַ שְׁלֶעכְטֶעס אוּנְ־
טֶערְנֶעהְמֶען, אוּנְד וֶוען עֶר גֶעוִוינְט אַ
זוּהְן אַזוֹי בְּלֵייבְּט גָארְנִיט אִין זַיינֶע
הַאנְד (פַאר אִיהְם)׃
14 אַזוֹי נַאקֶעט וִויא עֶר אִיז אַרוֹיסְ־
גֶעקוּמֶען פוּן זַיין מוּטֶער'ס בּוֹיךְ אַזוֹי
וֶועט עֶר וִוידֶער אַוֶועקְגֵיין גְרַאד אַזוֹי
וִויא עֶר אִיז גֶעקוּמֶען, עֶר וֶועט גָארְנִיט
מִיט גֶעמֶען אִין זַיינֶע הַאנְד פוּן זַיינֶע
אַרְבֵּייט וֶוען עֶר גֵייט אַוֶועק׃
15 אוּנְד דָאס אִיז אויךְ אַ שְׁלֶעכְטֶע
קְרֶענְק, דָאס גְרַאד אַזוֹי וִויא עֶר קוּמְט
אַזוֹי גֵייט עֶר אַוֶועק, אוּנְד וָואס נִיצְט
עֶס צוּ דֶעם וָואס הָאט גֶעאַרְבֵּייט צוּ
דֶעם ווִינְד?
16 עֶר עֶסְט אויךְ אַלֶע זַיינֶע טֶעג
אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס מִיט פִיל עֶרְגֶערְ־
נִיס אוּנְד קְרַאנְקְהֵייט אוּנְד מִיט צָארְן׃
17 זֶעה, דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶע־
הֶען, עֶס אִיז גוּט אוּנְד שֵׁיין אַז אֵיינֶער
זָאל עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען אוּנְד אָנְזֶעהֶען
דָאס גוּטֶע פוּן אַלֶע זַיינֶע אַרְבֵּייט
מִיט וָואס עֶר הָאט זִיךְ בֶּעמִיהְט
אוּנְטֶער דֶער זוּן, אִין דִיא פָאר טֶעג

פון זײַן לֶעבֶּען וָואס גָאט הָאט צוּ
אִיהְם גֶעגֶעבֶּען, וָוארִין דָאס אִיז זײַן
חֵלֶק׃
18 אויך אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ צוּ וָועמֶען
גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען רַייכְטוּם אוּנְד
גִיטֶער, אוּנְד עֶר הָאט מַאכְט דֶערְפוּן
צוּ עֶסֶען אוּנְד אָנְצוּנֶעמֶען זײַן חֵלֶק,
אוּנְד זִיךְ צוּ פְרֵייעֶן אִין זַיינֶע אַרְבֵּייט,
יוֹא, דָאס אִיז אַ גָאבּ פוּן גָאט׃
19 וָוארִין עֶר וָועט נִיט פִיל גֶעדֶענְ־
קֶען אָן דִיא טֶעג פוּן זײַן לֶעבֶּען,
וָוארִין גָאט עֶנְטְפֶערְט אִיהְם אִין דִיא
פְרֵייד פוּן זײַן הַארְץ׃

קאפיטעל ו

1 עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ שְׁלֶעכְטֶעס
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער דֶער
זוּן, אוּנְד דָאס (אִיז צוּ זֶעהֶען) פִיל
צְוִוישֶׁען דִיא מֶענְשֶׁען׃
2 אַ מֶענְשׁ צוּ וָועמֶען גָאט הָאט
גֶעגֶעבֶּען עֲשִׁירוּת, אוּנְד גִיטֶער, אוּנְד
כָּבוֹד, אַזוֹי דָאס עֶס פֶעהְלְט אִיהְם
גָארְנִיט פוּן אַלֶעם וָואס עֶר גְלוּסְט,
אָבֶּער דָאךְ הָאט אִיהְם גָאט נִיט
גֶעגֶעבֶּען אַ מַאכְט דֶערְפוּן צוּ עֶסֶען,
נֵייעֶרְט אַ (גַאנְץ) פְרֶעמְדֶער מֶענְשׁ
עֶסְט עֶס, דָאס אִיז אַ נַארִישְׁקֵייט אוּנְד
אַ שְׁלֶעכְטֶע קְרַאנְקְהֵייט׃
3 וֶוען אַ מֶענְשׁ זָאל הוּנְדֶערְט קִינְדֶער
גֶעווִינֶען, אוּנְד עֶר זָאל לֶעבֶּען פִילֶע
יָאהְרֶען אַזוֹי דָאס דִיא יָאהְרֶען פוּן
זײַן לֶעבֶּען זֶענֶען פִיל, אָבֶּער עֶר קֶען
זִיךְ נִיט זַאט מַאכֶען פוּן דֶעם גוּטֶען,
אוּנְד עֶר הָאט אַפִּילוּ נִיט אַ מָאל אַ
קְבוּרָה, אוֹיף אַזוֹי אֵיינֶעם זָאג אִיךְ אַז
אַיין נֵפֶל אִיז בֶּעסֶער וִויא עֶר אִיז׃
4 וָוארִין עֶר אִיז מִיט הֶבֶל אָנְגֶעקוּ־
מֶען, אוּנְד אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס גֵייט
עֶר אַוֶועק, אוּנְד אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס
וֶוערְט זײַן נָאמֶען צוּגֶעדֶעקְט׃
5 עֶר הָאט אויךְ נִיט אַמָאל דִיא זוּן
גֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט נִיט דֶערְפוּן
גֶעוְואוּסְט, אוּנְד דֶער הָאט מֶעהְר נַחַת
פוּן יֶענֶעם׃
6 אוּנְד אַפִּילוּ וֶוען עֶר וָואלְט גֶע־
לֶעבְּט צְווייא מָאל טוֹיזֶענְד יָאהְרֶען,
אוּנְד עֶר וָואלְט קֵיין גוּטֶעס גֶעזֶעהֶען—
וָוארִין גֵייעֶן דֶען נִיט אַלֶע אַהִין צוּ
אֵיין אָרְט?—
7 אַלֶע אַרְבֵּייט פוּן דֶעם מֶענְשׁ אִיז
נָאר פַאר זײַן מויל, אוּנְד דָאךְ וֶוערְט
דֶעם נֶפֶשׁ'ס (אַפֶּעטִיט) נִיט זַאט׃
8 וָוארִין וָואס הָאט דֶען דֶער חָכָם
מֶעהְר וִויא דֶער נַאר? וָואס הָאט
דֶער אָרֶעמֶער וָואס וֵוייסְט וִויא אַזוֹי
אַרוּמְצוּגֵיין פַאר דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע?
9 עֶס אִיז בֶּעסֶער דָאס אָנְזֶעהֶען מִיט
דִיא אוֹיגֶען אֵיידֶער דָאס אַרוּמְגֵיין פוּן
דֶעם נֶפֶשׁ, דָאס אִיז אויךְ נַארִישְׁקֵייט
אוּנְד אַ צוּבְּרָאכֶענֶעם גֶעמִיט׃
10 דָאס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען הָאט שׁוֹין
לַאנְג גֶעהַאט אַ נָאמֶען, אוּנְד עֶס אִיז
גוּט בֶּעקַאנְט אַז דָאס אִיז דֶער מֶענְשׁ,
אָבֶּער עֶר אִיז נִיט אִים שְׁטַאנְד זִיךְ צוּ
קְרִיגֶען מִיט דֶעם וָואס אִיז שְׁטַארְקֶער
פוּן אִיהְם׃
11 ווייל עֶס זֶענֶען פֶערְהַאנְדֶען פִיל
זַאכֶען וָואס פֶערְמֶעהְרֶען נָאר נַארִישְׁ־
קֵייטֶען, וָואס נוּצְט דָאס צוּ דֶעם
מֶענְשׁ?
12 וָוארִין וֶוער וֵוייסְט דֶען וָואס עֶס
אִיז גוּט פַאר דֶעם מֶענְשׁ אִין דִיזֶען
לֶעבֶּען, אִין דֶער (קְלֵיינֶער) צָאל פוּן
דִיא טֶעג פוּן זַיינֶע נַארִישֶׁע יָאהְרֶען,
וָואס עֶר מַאכְט זֵייא אַזוֹי וִויא אַ

שָׁאטֶען ? וָוארִין װֶער קֶען דֶען אָנְזָא־
גֶען צוּ אַ מֶענְשׁ וָואס װֶעט נָאךְ אִיהְם
זַיין אוּנְטֶער דֶער זוּן ?

## קאפיטעל ז

1 אַ גוּטֶער נָאמֶען אִיז בֶּעסֶער וִויא
(פֵיירֶעס) גוּטֶעס אֵייל, אוּנְד דֶער טָאג
פוּן דֶעם טוֹיט אִיז בֶּעסֶער וִויא דֶער
טָאג פוּן גֶעבּוֹירֶען צוּ װֶערֶען :
2 עֶס אִיז בֶּעסֶער אַרֵיינְצוּגֵיין אִין אַ
הוֹיז פוּן אֵיין אָבֵל אֵיידֶער אַרֵיינְצוּגֵיין
אִין אַ הוֹיז פוּן אַ סְעוּדָה, דֶערְוֵוייל
דֶער טוֹיט אִיז דֶער סוֹף פוּן אַלֶע
מֶענְשֶׁען, אוּנְד דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער װֶעט
עֶס זִיךְ צוּ זַיין הַארְץ לֵייגֶען (בֶּע־
טְרַאכְטֶען) :
3 עֶרְגֶערְנִיס אִיז בֶּעסֶער וִויא אַ גֶע־
לֶעכְטֶער, וֵוייל דוּרְךְ אַ שְׁלֶעכְט פָּנִים
קֶען דָאס הַארְץ בֶּעסֶער װֶערֶען :
4 דָאס הַארְץ פוּן דִיא קְלוּגֶע אִיז אִין
דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם אָבֵל, אָבֶּער דָאס
הַארְץ פוּן דִיא נַארוֹנִים זֶענֶען אִין דֶעם
הוֹיז פוּן פְרֵייד :
5 עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ הֶערֶען דָאס
אָנְשְׁרֵייעֶן פוּן אַ חָכָם אֵיידֶער אַ מֶענְשׁ
זָאל הֶערֶען דָאס גֶעזַאנְג פוּן נַארוֹנִים :
6 וָוארִין אַזוֹי וִויא דָאס קוֹל אִיז פוּן
דֶערְנֶער וָואס בְּרֶענֶען אוּנְטֶער דֶעם
טָאפּ גְרָאד אַזוֹי אִיז דָאס גֶעלֶעכְטֶער
פוּן אַ נַאר, אוּנְד דָאס אִיז אוֹיךְ
נַארִישְׁקֵייט :
7 וָוארִין דִיא אוּנְטֶערְדְרִיקוּנְג מַאכְט
דֶעם חָכָם מְשֻׁגָּע, אוּנְד אַ מַתָּנָה
פֶערְטִילְגְט דָאס הַארְץ :
8 דֶער סוֹף פוּן אַ זַאךְ אִיז בֶּעסֶער
וִויא דֶער אָנְהֵייב, אוּנְד אַ גֶעדוּלְדִיגֶער
גֵייסְט אִיז בֶּעסֶער וִויא אַ שְׁטָאלְצֶער
גֵייסְט :
9 דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט אֵיילֶען אִין
דַיין גֶעמִיט צוּ צָארְנֶען, וָוארִין דֶער
צָארְן רוּהְט אִין דֶעם בּוּזֶעם פוּן דִיא
נַארוֹנִים :
10 דוּא זָאלְסְט נִיט זָאגֶען, פַארְוָואס
זֶענֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע טֶעג בֶּעסֶער גֶע־
װֶעזֶען פוּן דִיא דָאזִיגֶע ? וָוארִין דוּא
פְרֶעגְסְט דָאס נִיט פוּן װֶעגֶען חָכְמָה :
11 חָכְמָה אִיז גוּט מִיט אַ נַחֲלָה,
אוּנְד עֶס אִיז נוּצְלִיךְ פַאר דִיא וָואס
זֶעהֶען דִיא זוּן :
12 וָוארִין װֶען מֶען אִיז אִין דֶעם
שָׁאטֶען פוּן דֶער חָכְמָה אִיז מֶען אִין
דֶעם שָׁאטֶען פוּן זִילְבֶּער (גֶעלְד),
אָבֶּער מֶעהְר נִיצְלִיךְ אִיז דִיא וִויסֶענְ־
שַׁאפְט פוּן דֶער חָכְמָה וֵוייל זִיא דֶער־
קְוִויקְט דֶעם וָואס הָאט זִיא :
13 זֶעה אָן דִיא מַעֲשִׂים פוּן גָאט,
וָוארִין, װֶער קֶען דֶען מַאכֶען גְרָאד
וָואס עֶר פֶערקְרִימְט :
14 אִין אַ גוּטֶען טָאג לָאז עֶס דִיר
זַיין גוּט, אָבֶּער אִין אַ שְׁלֶעכְטֶען טָאג
זָאלְסְט דוּא בֶּעדֶענְקֶען אַז גָאט הָאט
גֶעמַאכְט דָאס עֶנְטְקֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן
כְּדֵי דֶער מֶענְשׁ זָאל נָאךְ אִיהְם גָארְ־
נִיט קֶענֶען גֶעפִינֶען :
15 אַלֶעס הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אִין דִיא
טֶעג פוּן מֵיינֶע נַארִישְׁקֵייט, עֶס אִיז
פֶערְהַאנְדֶען אַ צַדִּיק וָואס װֶערְט
פֶערְלוֹירֶען אִין זַיין צִדְקוּת, אוּנְד עֶס
אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ רָשָׁע וָואס דֶערְ־
לֶענְגֶערְט (זַיין לֶעבֶּען) אִין זַיינֶע
שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט :
16 דוּא זָאלְסְט נִיט זַיין אַ צוּ פִילֶער
צַדִּיק, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ אוֹיךְ נִיט
פַאר צוּ קְלוּג הַאלְטֶען, פַארְוָואס זָאלְסְט
דוּא פֶערְוִוּיסְט װֶערֶען ?

17 דוּא זָאלְסְט (אויך) נִיט זַיין צוּ
פִּיל אַ רָשָׁע, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט
זַיין אַ נַאר, פַּארְוָואס זָאלְסְט דוּא
שְׁטַארְבֶּען פַאר דַיינֶע צַייט ?
18 עֶס אִיז גוּט אַז דוּא זָאלְסְט אַן
דֶעם אָנְהַאלְטֶען, אוּנְד פוּן דֶעם אַנְ־
דֶערְן נִיט אָפְּלָאזֶען דַיינֶע הַאנְד,
וָוארִין דֶער וָואס הָאט מוֹרָא פַאר
גָאט וֶועט פוּן דֶעם אַלֶעם אַרויסְ־
קוּמֶען :
19 דִיא חָכְמָה שְׁטַארְקְט דֶעם חָכָם
מֶעהְר וִויא צֶעהְן גֶעוֶועלְטִיגֶע מֶענֶער
וָואס זֶענֶען אִין דֶער שְׁטָאט :
20 וָוארִין עֶס אִיז נִיט דָא אַ גֶער־
רֶעכְטֶער מֶענְשׁ אויף דֶער עֶרְד וָואס
טְהוּט גוּטֶעס אוּנְד עֶר טְהוּט נִיט
זִינְדִיגֶען :
21 דוּא זָאלְסְט אויךְ נִיט דַיין הַארְץ
אַהִינְגֶעבֶּען צוּ אַלֶע רֵייד וָואס מֶען
וֶועט רֶעדֶען, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט נִיט
הֶערֶען אַז דַיין קְנֶעכְט שֶׁעלְט דִיךְ :
22 וָוארִין דַיין הַארְץ וֵוייסְט גַאנְץ
גוּט אַז דוּא הָאסְט אויךְ פִילֶע מָאל
אַנְדֶערֶע גֶעשָׁאלְטֶען :
23 דָאס אַלֶעס הָאב אִיךְ גֶעפְּרִיפְט
מִיט חָכְמָה, אוּנְד אִיךְ הָאב גֶעטְרַאכְט
קְלוּג צוּ וֶוערֶען, אָבֶּער עֶס אִיז גֶעוֶוע־
זֶען וַוייט פוּן מִיר :
24 דָאס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען וַוייט אוּנְד
זֶעהְר טִיף, וֶוער קֶען עֶס אויסְגֶעפִינֶען ?
25 אִיךְ הָאב מִיךְ אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט
אוּנְד מַיין הַארְץ גֶעגֶעבֶּען כְּדֵי צוּ
וִויסֶען אוּנְד אויסְצוּפָארְשֶׁען, אוּנְד
אויסְצוּזוּכֶען חָכְמָה, אוּנְד צוּ בֶּערֶעכְ־
נֶען, אוּנְד צוּ וִויסֶען דָאס רִשְׁעַת
פוּן נַארִישְׁקַייט, אַפִילוּ דָאס נַארִישֶׁע
מְשֻׁגַעַת :
26 אוּנְד אִיךְ הָאב אויסְגֶעפוּנֶען אַז
דִיא פְרויא וָואס אִיהְר הַארְץ אִיז וִויא
נֶעצֶען צוּ חַאפֶּען אוּנְד צוּ בִּינְדֶען מִיט
אִיהְרֶע הֶענְד, אִיז בִּיטֶערֶער וִויא דֶער
טויט, דֶער וָואס אִיז גוּט פַאר גָאט
וֶועט פוּן אִיהְר אֶנְטְרִינֶען וֶוערֶען,
אָבֶּער דֶער זִינְדִיגֶער וֶועט דוּרְךְ אִיהְר
גֶעפַאנְגֶען וֶוערֶען :
27 זֶעה, דָאס הָאב אִיךְ גֶעפוּנֶען
זָאגְט קֹהֶלֶת, אֵיינְס נָאךְ דֶעם אַנְדֶערְן
אויסְצוּגֶעפִינֶען אַ חֶשְׁבּוֹן :
28 דָאס אִיז וָואס אִיךְ זוּךְ נָאךְ אוּנְד
אִיךְ הָאב עֶס נִיט גֶעפוּנֶען; אֵיין
מֶענְשׁ (מַאן) צְוִוישֶׁען טויזֶענְד הָאב
אִיךְ גֶעפוּנֶען, אָבֶּער אֵיינֶע פְרויא
אוּנְטֶער דִיא אַלֶע הָאב אִיךְ נִיט
גֶעפוּנֶען :
29 זֶעה, נָאר דָאס אַלֵיין הָאב אִיךְ
גֶעפוּנֶען, אַז גָאט הָאט דֶעם מֶענְשׁ
בֶּעשַׁאפֶען אויפְרִיכְטִיג, אָבֶּער זַייא
הָאבֶּען זִיךְ אויסְגֶעזוּכְט פִילֶע אויסְגֶע־
טְרַאכְטֶע זַאכֶען :

## קאפיטעל ח

1 וֶוער אִיז אַזוֹי וִויא דֶער חָכָם ?
אוּנְד וֶוער וֵוייסְט נָאךְ דִיא בֶּעשֵׁיידֶע־
נִים פוּן אַ זַאךְ ? דִיא חָכְמָה פוּן אַ
מֶענְשׁ מַאכְט זַיין פָּנִים לֵייכְטֶען, אוּנְד
דִיא שְׁטַארְקְהַייט פוּן זַיין פָּנִים וֶוערְט
פֶערְעֶנְדֶערְט :
2 אִיךְ רָאט דִיר אַז דוּא זָאלְסְט
הִיטֶען דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן דֶעם מֶלֶךְ,
אוּנְד מַחְמַת דֶעם וָואס מִיר הָאבֶּען
גֶעשְׁוְואוִירֶען צוּ גָאט :
3 דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט אֵיילֶען
אַוֶועקְצוּגֵיין פוּן פַאר אִיהְם, שְׁטֵייא
נִיט אִין אַ שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ, וָוארִין עֶר
טְהוּט וָואס גֶעפֶעלְט אִיהְם :

4 אַוואוּ דָאס וָוארְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ אִיז, דָארְט אִיז גֶעוועלְטִיגְקֵייט, אוּנְד ווער קֶען צוּ אִיהְם זָאגֶען, וָואס טְהוּסְט דוּא ?

5 דֶער וָואס הִיט (גָאטְ'ס) מִצְוָה, וֶועט נִיט וויסֶען פוּן קֵיין שׁוּם שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ, אוּנְד אַ קְלוּג הֶערְצִיגֶער ווייסְט דִיא צֵייט פוּן דֶעם מִשְׁפָּט :

6 ווייל צוּ אִיטְלִיכֶען פֶערְלַאנְגֶען אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ צֵייט אוּנְד אַ מִשְׁפָּט, דָארוּם אִיז דֶעם מֶענְשֶׁענְ'ס שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אִיבֶּער אִיהְם גְרוֹיס :

7 וָוארִין עֶר ווייסְט נִיט וָואס עֶס וֶועט זַיין, וָוארִין ווער קֶען אִיהְם דֶען אָנְזָאגֶען וויא אַזוֹי עֶס וֶועט זַיין ?

8 קֵיין מֶענְשׁ הָאט נִיט קֵיינֶע שְׁלִיטָה אִיבֶּער אַ גֵייסְט אַז עֶר זָאל קֶענֶען דֶעם גֵייסְט צוּרִיקְהַאלְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט אויךְ נִיט קֵיינֶע שְׁלִיטָה אִיבֶּער דֶעם טוֹיט, אוּנְד מֶען קֶען קֵיינֶעם נִיט אַוֶועקְשִׁיקֶען אִין דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד דָאס רִשְׁעוּת קֶען נִיט מַאכֶען עֶנְטְרִינֶען דֶעם וָואס בֶּעזִיצְט עֶס :

9 אַלֶעס דָאס דָאזִיגֶע הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מֵיין הַארְץ אַהִינְגֶעגֶעבֶּען צוּ אִיטְלִיכֶע אַרְבֵּייט וָואס וֶוערְט גֶעמַאכְט אוּנְטֶער דִיא זוּן ; עֶס אִיז דָא אַ צֵייט וֶוען אֵיין מֶענְשׁ גֶעוֶועלְטִיגְט אִיבֶּער אֵיין אַנְדֶערְן צוּ זַיין אֵייגֶען אוּמְגְלִיק :

10 אוּנְד אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אַז דִיא רְשָׁעִים וֶוערֶען בֶּעגְרָאבֶּען, אוּנְד מֶען אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען פֶערְגֶעסֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶער שְׁטָאט וְואוּ מֶען הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן ; דָאס אִיז אויךְ נַארִישְׁקֵייט :

11 ווייל דָאס מִשְׁפָּט פוּן אַ שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשֶׂה וֶוערְט נִיט אַזוֹי גֶעשְׁווינְד אוֹיסְגֶעפִיהְרְט, דַארִיבֶּער אִיז דָאס הַארְץ פוּן דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער פוֹל אִין זֵייא שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן :

12 חָאטְשֶׁע אַ זִינְדֶער טְהוּט שְׁלֶעכְטֶעס הוּנְדֶערְט מָאל, אוּנְד זֵיינֶע יָאהְרֶען זֶענֶען פֶערְלֶענְגֶערְט, דָאךְ ווייס אִיךְ אַז עֶס וֶועט גוּט זַיין צוּ דִיא מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען מוֹרָא פַאר גָאט, וָואס הָאבֶּען מוֹרָא פַאר אִיהְם :

13 אָבֶּער עֶס וֶועט נִיט גוּט זַיין צוּ דֶעם רָשָׁע, אוּנְד עֶר וֶועט נִיט פֶערְלֶענְגֶערְן (זֵיינֶע) טֶעג וָואס זֶענֶען אַזוֹי וויא אַ שָׁאטֶען, ווייל עֶר הָאט נִיט קֵיין מוֹרָא פַאר גָאט :

14 עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ נַארִישְׁקֵייט וָואס וֶוערְט גֶעטְהוּן אוֹיף דֶער עֶרְד — אַז עֶס זֶענֶען דָא צַדִיקִים וָואס גְרֵייכְט צוּ זֵייא גְרָאד אַזוֹי וויא נָאךְ דִיא מַעֲשִׂים פוּן דִיא רְשָׁעִים, אוּנְד עֶס זֶענֶען דָא רְשָׁעִים וָואס גְרֵייכְט צוּ זֵייא אַזוֹי וויא נָאךְ דִיא מַעֲשִׂים פוּן דִיא צַדִיקִים, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיר גֶעטְרַאכְט אַז דָאס אִיז אויךְ נַארִישְׁקֵייט :

15 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעלוֹיבְּט דֶעם וָואס הָאט אַ שִׂמְחָה, ווייל עֶס אִיז גָאר נִיט בֶּעסֶערֶעס פַאר אַ מֶענְשׁ אוּנְטֶער דֶער זוּן, נֵייעֶרְט אַז עֶר זָאל עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען אוּנְד זִיךְ צוּ פְרֵייעֶן ; וָוארִין דָאס וֶועט זִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעהֶעפְטֶען וֶועגֶען זֵיינֶע אַרְבֵּייט אִין זֵיינֶע לֶעבֶּענְס־טֶעג, וָואס גָאט הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אוּנְטֶער דֶער זוּן :

16 אוּנְד אַזוֹי וויא אִיךְ הָאבּ מֵיין הַארְץ אַהִינְגֶעגֶעבֶּען דִיא חָכְמָה צוּ דֶערְקֶענֶען, אוּנְד אֵיינְצוּזֶעהֶען דִיא

פִּיהְרוּנְג (דֶעם עִנְיָן) וָואס עֶס וֶוערְט גֶעטְהוּן אוֹיף דֶער עֶרְד, וָוארִין עֶס זֶענֶען זָאלְכֶע וָואס זֶעהֶען אַפִּילוּ נִיט קֵיין שְׁלָאף אִין זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען בֵּייא טָאג אָדֶער בֵּייא נַאכְט:

17 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַלֶע מַעֲשִׂים פוּן גָאט, וָוארִין דֶער מֶענְשׁ קֶען נִיט אוֹיסְגֶעפִינֶען דִיא מַעֲשִׂים וָואס וֶוערֶען גֶעטְהוּן אוּנְטֶער דֶער זוּן, חָאטְשֶׁע פוּן וֶועגֶען וֶועלְכֶע דֶער מֶענְשׁ מִיהְט זִיךְ אָפּ אוֹיסְצוּזוּכֶען אוּנְד עֶר קֶען זֵייא נִיט אוֹיסְגֶעפִינֶען, אוּנְד חָאטְשֶׁע דֶער חָכָם טְרַאכְט זֵייא צוּ וִויסֶען, דָאךְ קֶען עֶר עֶס נִיט אוֹיסְגֶעפִינֶען:

## קאפיטעל ט

1 וָוארִין צוּ דֶעם אַלֶעם הָאבּ אִיךְ מֵיין הַארְץ אַהִינְגֶעגֶעבֶּען, אַפִּילוּ אַלֶעם דָאס אוֹיסְצוּקְלֶערֶען, אַז דִיא צַדִיקִים אוּנְד דִיא חֲכָמִים, אוּנְד זֵייעֶר אַרְבֵּייט זֶענֶען אִין דִיא הֶענְד פוּן גָאט, קֵיין מֶענְשׁ וֵוייסְט נִיט פוּן דִיא לִיבְּשַׁאפְט אוּנְד דִיא פֵיינְדְשַׁאפְט, חָאטְשֶׁע אַלֶעם אִיז פַאר זֵייא:

2 אַלֶע זַאכֶען בֶּעגֶעגְנֶען אִיטְלִיכֶען אֵיינֶעם גְלֵייךְ, צוּ דֶעם צַדִיק אוּנְד צוּ דֶעם רָשָׁע, צוּ דֶעם גוּטֶען אוּנְד דֶעם רֵיינֶעם אוּנְד צוּ דֶעם אוּמְרֵיינֶעם, צוּ דֶעם וָואס אִיז מַקְרִיב קָרְבָּנוֹת אוּנְד צוּ דֶעם וָואס אִיז נִיט מַקְרִיב, אַזוֹי וִויא דֶער גוּטֶער אִיז אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֶער זִינְדִיגֶער, דֶער וָואס שְׁוֶוערְט, אִיז אַזוֹי וִויא דֶער וָואס הָאט מוֹרָא צוּ שְׁוֶוערֶען:

3 דָאס אִיז דָאס שְׁלֶעכְטֶע אוּנְטֶער אַלֶעם וָואס וֶוערְט גֶעטְהוּן אוּנְטֶער דֶער זוּן, אַז עֶס אִיז אֵיין בֶּעגֶעגְנִים צוּ אַלֶע, אוּנְד אַפִּילוּ דָאס הַארְץ פוּן דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער אִיז פוּל מִיט שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד מְשֻׁגַעַת אִיז אִין זֵייעֶרֶע הַארְצֶער בֵּייא זֵייעֶר לֶעבֶּען, אוּנְד נָאךְ דֶעם גֵייעֶן זֵייא צוּ דִיא טוֹיטֶע:

4 וָוארִין וֶוער עֶס אִיז בֶּעהֶעפְט צוּ דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע, פַאר דֶעם אִיז נָאךְ פֶערְהַאנְדֶען אַ הָאפֶענוּנְג, וָוארִין אַ לֶעבֶּעדִיגֶער הוּנְד אִיז בֶּעסֶער וִויא אַ טוֹיטֶער לֵייבּ:

5 וֵוייל דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע וִויסֶען אַז זֵייא וֶועלֶען שְׁטַארְבֶּען, אָבֶּער דִיא טוֹיטֶע וֵוייסֶען גָאר נִיט, אוּנְד עֶס אִיז פַאר זֵייא נִיט מֶעהְר פֶערְהַאנְדֶען אַ שְׂכַר, וֵוייל זֵייעֶר גֶעדֶעכְטֶענִיס אִיז פֶערְגֶעסֶען גֶעוָוארֶען:

6 אוּנְד זֵייעֶרֶע לִיבְּשַׁאפְט, אוּנְד זֵייעֶרֶע פֵיינְדְשַׁאפְט, אוּנְד אוֹיךְ זֵייעֶרֶע קִנְאָה אִיז שׁוֹין לַאנְג פֶערְלוֹירֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיף אֵייבִּיג נִיט מֶעהְר קֵיין חֵלֶק אִין קֵיינֶערְלֵייא זַאךְ וָואס וֶוערְט גֶעטְהוּן אוּנְטֶער דֶער זוּן:

7 אַזוֹי גֵייא, עֶס דֵיין בְּרוֹיט מִיט פְרֵייד, אוּנְד טְרִינְק דֵיין וֵויין מִיט אַ פְרֵיילִיךְ הַארְץ, וָוארִין גָאט הָאט שׁוֹין אָנְגֶענוּמֶען דֵיינֶע מַעֲשִׂים:

8 לָאזֶען דֵיינֶע קְלֵיידֶער אַלֶע צֵייט זֵיין וֵוייס, אוּנְד לָאז דָאס זַאלְבּ־אֵייל קֵיינְמָאל נִיט פֶעהְלֶען אוֹיף דֵיין קָאפּ:

9 לֶעבּ גְלִיקְלִיךְ מִיט דֵיין וֵוייבּ וָואס דוּא לִיבְּסְט, אַלֶע טֶעג פוּן דֵיין נַארִישֶׁען לֶעבֶּען וָואס עֶר הָאט דִיר גֶעגֶעבֶּען אוּנְטֶער דֶער זוּן—אַלֶע טֶעג פוּן דֵיינֶע נַארִישְׁקֵייט, וָוארִין דָאס אִיז דֵיין חֵלֶק אִין דֶעם לֶעבֶּען, אוּנְד אִין דֵיינֶע בֶּעמִיהוּנְג מִיט וָואס דוּא בֶּעמִיהֶעסְט דִיךְ אוּנְטֶער דֶער זוּן:

10 אַלֶעס וָואס דַיינֶע הַאנְד גֶעפִינְט
צוּ טְהוּן דָאס טְהוּא מִיט דַיין כּוֹחַ,
וָוארִין אִין דֶער גְרוּבּ (שְׁאוֹל) אַוָואוּ
דוּא גֵייסְט דָארְטֶען אַהִין אִיז קֵיינֶע
אַרְבֵּייט אוּנְד קֵיין חֶשְׁבּוֹן אוּנְד וִויסֶענְ־
שַׁאפְט אוּנְד קֵיינֶע חָכְמָה:
11 אִיךְ הָאבּ מִיךְ וִוידֶער אוּמְגֶע־
קֶעהְרְט אוּנְד הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער
דֶער זוּן, אַז עֶס אִיז נִיט צוּ דֶעם
גְרִינְגֶען צוּ לוֹיפֶען, אוּנְד נִיט צוּ דֶעם
שְׁטַארְקֶען אִיז דִיא מִלְחָמָה, אוּנְד דָאס
בְּרוֹיט אִיז אוֹיךְ נִיט צוּ דִיא חֲכָמִים,
אוּנְד אוֹיךְ נִיט צוּ דִיא פֶערשְׁטֶענְדִיגֶע
דֶער רֵייכְטוּם, אוּנְד אוֹיךְ נִיט קֵיין חֵן
צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען וִויסֶענְשַׁאפְט,
גֵייעֶרְט עֶס אִיז אַ בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייט
אוּנְד אַ בֶּעגֶעגְנִים צוּ אַלֶע:
12 וָוארִין דֶער מֶענְשׁ וֵוייסְט אוֹיךְ
נִיט אַמָאל זֵיינֶע צֵייט, גְרָאד אַזוֹי וִויא
דִיא פִישׁ וָואס וֶוערֶען גֶעחַאפְּט אִין אַ
שְׁלֶעכְטֶען נֶעץ, אָדֶער וִויא דִיא פֵייגֶעל
וֶוערֶען גֶעחַאפְּט אִין דֶעם נֶעץ, אַזוֹי
וֶוערֶען אוֹיךְ דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער
פְּלֶעצְלִיךְ גֶעמַאכְט אַז זֵייא זָאלֶען
אַרֵיינְפַאלֶען אִין אַ שְׁלֶעכְטֶע צֵייט:
13 דִיא דָאזִיגֶע חָכְמָה הָאבּ אִיךְ גֶע־
זֶעהֶען אוּנְטֶער דֶער זוּן, אוּנְד זִיא אִיז
בֵּייא מִיר גְרוֹיס גֶעוֶועזֶען:
14 עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ קְלֵיינֶע שְׁטָאט,
אוּנְד וֵויינִיג מֶענְשֶׁען זֶענֶען אִין אִיהְר
גֶעוֶועזֶען, אָבֶּער אַ גְרוֹיסֶער קֶענִיג אִיז
קֶעגֶען אִיהְר גֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט
זִיא אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, אוּנְד עֶר הָאט
אִיבֶּער אִיהְר גֶעבּוֹיעֶט גְרוֹיסֶע פֶּעסְ־
טוּנְגֶען:
15 אָבֶּער עֶס הָאט זִיךְ אִין אִיהְר
גֶעפוּנֶען אַיין אָרֶעמֶער מַאן, אַ חָכָם,
אוּנְד עֶר הָאט דוּרְךְ זֵיינֶע חָכְמָה דִיא
שְׁטָאט מַצִיל גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דָאךְ הָאט
קֵיין מֶענְשׁ גֶעדֶענְקְט אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
אָרֶעמֶען מַאן:
16 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיר גֶעטְרַאכְט, אַז
חָכְמָה אִיז בֶּעסֶער וִויא גְבוּרָה, אָבֶּער
דִיא חָכְמָה פוּן דֶעם אָרֶעמֶען מַאן אִיז
מְבוּזֶה גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵיינֶע וֶוערְטֶער
זֶענֶען נִיט צוּגֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען:
17 דִיא רֵייד פוּן חֲכָמִים וֶוערֶען צוּ־
גֶעהֶערְט מִיט נַחַת מֶעהְר וִויא דָאס
גֶעשְׁרֵייא פוּן אַ גֶעוֶועלְטִיגֶער אוּנְטֶער
דִיא נַארוּנִים:
18 חָכְמָה אִיז בֶּעסֶער וִויא כְּלֵי זַיין,
אָבֶּער אַיין זִינְדִיגֶער מַאכְט פֶערְלִירֶען
פִיל גוּטֶעס:

קאפּיטעל י

1 טוֹיטֶע פְלִיגֶען מַאכֶען שְׁטִינְקֶען
אוּנְד אִיבֶּערְלוֹיפֶען דָאס טֵייעֶרֶע זַאלְבּ־
אֵייל, פוּן דֶעם אַפָּאטֶעקֶער, גְרָאד אַזוֹי
אִיז אַ בִּיסֶעל נַארִישְׁקֵייט שְׁוֶוערֶער
וִויא דִיא חָכְמָה אוּנְד כָּבוֹד:
2 אַ חָכָם'ס הַארְץ אִיז אַן זֵיינֶע
רֶעכְטֶע זֵייט, אָבֶּער אַ נַאר'ס הַארְץ
אִיז אַן זֵיינֶער לִינְקֶען זֵייט:
3 אוּנְד אוֹיךְ אַפִילוּ אוֹיף דֶעם וֶועג
וִויא דֶער נַאר גֵייט אִיז זַיין הַארְץ
גֶעמִינֶערְט פוּן חָכְמָה, אוּנְד עֶר זָאגְט
צוּ אַלֶע אַז עֶר אִיז אַ נַאר:
4 וֶוען דֶער (רוּחַ) ווִילֶען פוּן דֶעם
גֶעוֶועלְטִיגֶער הֵייבְּט זִיךְ אוֹיף קֶעגֶען
דִיר, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נִיט פֶערְלָאזֶען
דַיין אָרְט, וָוארִין דָאס נָאכְגֶעבֶען הֵיילְט
גְרוֹיסֶע זִינְדֶען:
5 עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ שְׁלֶעכְטֶעס
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער דֶער
זוּן, וָואס אִיז אַזוֹי וִויא אַיין אִירְטוּם,

וָואס אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען פוּן פַאר אַ
גֶעוָועלְטִיגֶער׃
6 דִיא נַארִישְׁקֵייט אִיז גֶעגֶעבֶּען אִין
פִילֶע הויכֶע עָרְטֶער, אָבֶּער דִיא
עֲשִׁירִים וָועלֶען זִיצֶען אִין דִיא נִידְרִיגֶע
עָרְטֶער׃
7 אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען קְנֶעכְט אויף
פֶערְד, אוּנְד פִירְשְׁטֶען זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען
(צוּ פוּס) אַזוֹי וִויא קְנֶעכְט אויף דֶער
עֶרְד׃
8 דֶער וָואס גְרַאבְּט אַ גְרוּבּ פַאלְט
אַלֵיין אַרֵיין אִין אִיהְר, אוּנְד דֶער וָואס
בְּרֶעכְט אָפּ אַ צוים דֶעם בֵּייסְט אַ
שְׁלַאנְג׃
9 דֶער וָואס שְׁלֶעפְּט אַרויס שְׁטֵיינֶער,
דֶער טְהוּט זִיךְ מִיט זֵייא וֵוייא, דֶער
וָואס שְׁפַּאלְט הָאלְץ אִיז דוּרְךְ דֶעם אִין
אַ סַכָּנָה׃
10 וֶוען אֵיינֶער מַאכְט נִיט דָאס אֵיי־
זֶען שַׁארְף, אוּנְד עֶס הָאט נִיט קֵיין
(שַׁארְף פָּנִים), אַזוֹי מוּז עֶר זִיךְ
שְׁטַארְקֶען (אָנְשְׁטְרֶענְגֶען), אָבֶּער חָכְמָה
אִיז נוּצְלִיךְ אֵיינֶעם רֶעכְטפַארְטִיג צוּ
מַאכֶען׃
11 וֶוען אַ שְׁלַאנְג בֵּייסְט אֵיינֶעם אַזוֹי
אִיז עֶס אָהְן אַ פֶערְשְׁפְּרֶעכֶען, אוּנְד
אֵיינֶער וָואס אִיז אַ הַאר אִיבֶּער דִיא
צוּנְג הָאט אויךְ קֵיינֶע נוּצֶען׃
12 דִיא וֶוערְטֶער פוּן אַ חָכָם'ס מוֹיל
הָאבֶּען חֵן, אָבֶּער דִיא לִיפֶּען פוּן אַ
נַאר פֶערְדַארְבֶּען אִיהְם אַלֵיין׃
13 דֶער אָנְהֵייבּ פוּן דִיא וֶוערְטֶער
פוּן זַיין מוֹיל זֶענֶען נַארִישְׁקֵייט, אוּנְד
דֶער סוֹף (רֵייד) פוּן זַיין מוֹיל אִיז אַ
שְׁלֶעכְטֶע מְשֻׁגַּעַת׃
14 אַ נַאר פֶערְמֶעהְרְט וֶוערְטֶער, אַ
מֶענְשׁ קֶען נִיט ווִיסֶען וָואס עֶס וֶועט
זַיין, אוּנְד אַפִילוּ דָאס וָואס וֶועט נָאךְ
אִיהְם זַיין, וֶוער קֶען אִיהְם דָאס
אָנְזָאגֶען?
15 דִיא אַרְבֵּייט פוּן דִיא נַארוֹנִים
מַאכְט אִיטְלִיכֶען מִיד, וַוייל עֶר ווֵייסְט
נִיט וִויא אַזוֹי אִין דֶער שְׁטָאט אַרֵיינְ־
צוּגֵיין׃
16 אוֹי וֵוייא צוּ דִיר, דוּא לַאנְד! וֶוען
דֵיין מֶלֶךְ אִיז אַ יוּנְגֶער יוּנְג, אוּנְד וֶוען
דֵיינֶע פִירְשְׁטֶען עֶסֶען אִין דֶער פְרִיה׃
17 אָבֶּער גֶעבֶּענְשְׁט בִּיזְט דוּא לַאנְד
וֶוען דֵיין מֶלֶךְ אִיז אַ זוּהְן פוּן דִיא
פְרֵייעֶ, אוּנְד דֵיינֶע פִירְשְׁטֶען עֶסֶען צוּ
דֶער בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייט, כְּדֵי שְׁטַארְק
צוּ וֶוערֶען אוּנְד זִיךְ נִיט צוּ בֶּעטְרִינְ־
קֶען׃
18 דוּרְךְ פִיל פוֹילְהֵייט וֶוערְט דֶער
בַּאלְקֶען אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען, אוּנְד דוּרְךְ
לֵיידִיגֶע הֶענְד צוּפַאלְט דָאס הוֹיז׃
19 כְּדֵי זִיךְ צוּ פְרֵייעֶן מַאכְט מֶען אַ
סְעוּדָה, אוּנְד וַויין מַאכְט פְרֵיילִיךְ דָאס
לֶעבֶּען, אָבֶּער גֶעלְד פֶערְשַׁאפְט דָאס
אַלֶעס׃
20 דוּא זָאלְסְט דֶעם מֶלֶךְ נִיט שֶׁעלְטֶען,
נִיט אַמָאל אִין דֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען, אוּנְד
דִיא רֵייכֶע זָאלְסְט דוּא אויךְ נִיט
אַמָאל שֶׁעלְטֶען אִין דֵיינֶע שְׁלָאף־
קַאמֶער, וָוארִין דִיא פֵייגֶעל פוּן (אוּנְטֶער)
דֶעם הִימֶעל קֶענֶען אַוֶועקְפִיהְרֶען דָאס
קוֹל, אוּנְד דָאס וָואס הָאט פְלִיגֶעלְן
זָאגְט אוֹיס דִיא זַאךְ׃

## קאפיטעל יא

1 וַוארְף דֵיין בְּרוֹיט אויף דִיא וַואסֶערְן,
וָוארִין נָאךְ פִילֶע טֶעג וֶועסְט דוּא עֶס
ווִידֶער גֶעפִינֶען׃
2 גֶעבּ אַ חֵלֶק צוּ זִיבֶּען, אוּנְד אויךְ
צוּ אַכְט, וָוארִין דוּא ווֵייסְט דָאךְ נִיט

וואס

וָואס פַאר אַ שְׁלֶעכְטֶעס עֶס וֶועט זַיין
אויף דֶער עֶרְד׃
3 וֶוען דִיא וָואלְקֶען זֶענֶען פוּל מִיט
רֶעגֶען, אַזוֹי טְהוּן זַייא זִיךְ אויסְגִיסֶען
אויף דֶער עֶרְד, אוּנְד וֶוען אַ בּוֹים
פַאלְט, אֶנְטְוֶועדֶער קֶעגֶען דָרוֹם־זַייט
אָדֶער קֶעגֶען צָפוֹן־זַייט, אִין דֶעם
אָרְט אַהִין וואוּ דֶער בּוֹים פַאלְט, דָארְט
וֶועט עֶר לִיגֶען בְּלַייבֶּען׃
4 דֶער וָואס בֶּעטְרַאכְט דֶעם ווִינְד
דֶער טְהוּט נִיט זַייעֶן, אוּנְד דֶער וָואס
קוּקְט אָן דִיא וָואלְקֶענְס טְהוּט נִיט
שְׁנֵיידֶען׃
5 אַזוֹי ווִיא דוּא ווייסְט נִיט דֶעם וֶועג
פוּן דֶעם רוּחַ, אויךְ נִיט ווִיא דִיא
בֵּיינֶער וואַקְסֶען אִין דֶעם בּויךְ פוּן אַ
פוֹל שְׁוואַנְגֶערֶע, אַזוֹי קֶענְסְט דוּא אויךְ
נִיט ווִיסֶען דִיא מַעֲשִׂים פוּן גָאט וָואס
(עֶר) הָאט אַלֶעס גֶעמַאכְט׃
6 אִין דֶעם פְרִיה־מָארְגֶען זָאלְסְט דוּא
זַייעֶן דֵיין זָאמֶען, אוּנְד אִין דֶעם אָבֶענְד
זָאלְסְט דוּא נִיט צוּרִיקְהַאלְטֶען דֵיינֶע
הַאנְד, וָוארִין דוּא ווייסְט נִיט וֶועלְכֶעס
וֶועט גֶעדְרָאטֶען, דָאס אָדֶער יֶענֶעס,
אָדֶער אויבּ זַייא וֶועלֶען בֵּיידֶע מִיט
אֵיין אַנְדֶער גוּט זַיין׃
7 בְּאֶמֶת דָאס לִיכְט אִיז זִיס, אוּנְד
עֶס אִיז אַ גוּטֶע זַאךְ פַאר דִיא אויגֶען
צוּ זֶעהֶען דִיא זוּן׃
8 הָאטְשֶׁע אַ מֶענְשׁ זָאל לֶעבֶּען פִילֶע
יָאהְרֶען אוּנְד עֶר פְרֵייעֶט זִיךְ אִין דֶעם
אַלֶעס, דָאךְ לָאז עֶר גֶעדֶענְקֶען אָן
דִיא פִינְסְטֶערֶע טֶעג, וָוארִין זַייא
וֶועלֶען זַיין פִיל, אַלֶעס וָואס קוּמְט אִיז
נַארִישְׁקֵייט׃
9 פְרֵייא דִיךְ, אוֹי יוּנְגֶער מַאן אִין
דֵיינֶע יוּגֶענְד, אוּנְד לָאז זִיךְ דֵיין
הַארְץ גוּט אויפְפִיהְרֶען אִין דִיא טֶעג
פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד, אוּנְד גֵייא אִין דִיא
וֶועג פוּן דֵיין הַארְץ, אוּנְד נָאךְ דֶעם
אָנְזֶעהֶען פוּן דֵיינֶע אויגֶען, אָבֶּער דוּא
זָאלְסְט ווִיסֶען אַז וֶועגֶען דֶעם אַלֶעם
וֶועט דִיךְ גָאט בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם
מִשְׁפָּט׃
10 דָארִיבֶּער טְהוּא אַוֶועק עֶרְגֶערְנִיס
פוּן דֵיין הַארְץ, אוּנְד רוּים אַוֶועק
שְׁלֶעכְטֶעס פוּן דֵיין פְלֵייש, וָוארִין דִיא
יוּגֶנְהַייט אוּנְד קִינְדְשַׁאפְט אִיז (אויךְ)
נַארִישְׁקֵייט׃

## קאפיטעל יב

1 דָארִיבֶּער זָאלְסְט דוּא גֶעדֶענְקֶען
דֵיין בֶּעשֶׁעפֶער אִין דִיא טֶעג פוּן
דֵיינֶע יוּגֶענְדְשַׁאפְט, אֵיידֶער דִיא
שְׁלֶעכְטֶע טֶעג קוּמֶען אָן, אוּנְד דִיא
יָאהְרֶען גְרֵייכֶען וָואס דוּא וֶועסְט
זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין נִיט אַ פֶערְ־
לַאנְגֶען אִין זַייא׃
2 בִּיז דִיא זוּן אָדֶער דָאס לִיכְט,
אָדֶער דִיא לְבָנָה אוּנְד דִיא שְׁטֶערֶען
זֶענֶען נָאךְ נִיט פֶערְפִינְסְטֶערְט גֶע־
וָוארֶען, אוּנְד דִיא וָואלְקֶענְס הָאבֶּען
זִיךְ נָאךְ נִיט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ דֶעם
רֶעגֶען׃
3 אִין דֶעם טָאג וֶוען דִיא הִיטֶערְס
פוּן דֶעם הויז וֶועלֶען צִיטֶערְן, אוּנְד
אַפִּילוּ דִיא שְׁטַארְקֶע הֶעלְדֶען פֶערְ־
קְרִימֶען, אוּנְד דִיא וָואס מָאהְלֶען
וֶועלֶען מוּזֶען אויפְהֶערֶען ווייל זַייא
זֶענֶען ווייניג, אוּנְד וֶוען דִיא וָואס
קוּקֶען אַרוֹיס דוּרְךְ דֶעם פֶענְסְטֶער
וֶועלֶען פֶערְפִינְסְטֶערְט וֶוערֶען׃
4 אוּנְד דִיא טִירֶען פוּן דִיא גַאסֶען
וֶוערֶען פֶערשְׁלָאסֶען, וֶוען דָאס קוֹל פוּן
דִיא מִיהְלֶערְס אִיז נִידְרִיגֶער, אוּנְד עֶר

וֶועט אויפשְׁטֵיין פון וֶועגֶען דֶעם קול
פון דֶעם פויגֶעל, אונד אַלֶערְלֵייא גֶע־
זַאנְגֶען וֶועגֶען גֶעשְׁטִילְט גֶעוָוארֶען ׃
5 אונְד וֶוען זֵייא וֶועלֶען אויךְ מורָא
הָאבֶען פַאר דֶעם וָואס אִיז הויךְ, אונְד
שְׁרֶעקֶענִים וֶועט זַיין אִין דֶעם וֶועג,
אונְד דֶער מַאנְדֶעלְבּוים בְּלִיהְט, אונְד
וֶוען דֶער הֵייִשֶׁערֶעק וֶועט אַפִילוּ זַיין
אַ לַאסְט, אונְד דִיא גְלוּסְטִיגְקֵייט וֶועט
פֶערְשְׁטֶערְט וֶוערֶען, וָוארִין דֶער מֶענְשׁ
גֵייט אַוֶועק צוּ זַיינֶעם אֵייבִּיגֶען הויז,
אונְד דִיא בֶּעקְלָאגֶערִם דְרֵייעֶן זִיךְ
אַרום אִין דֶער גַאס ׃
6 אֵיידֶער דָאס זִילְבֶּערְנֶע שְׁטְרִיקֶעל
וֶוערְט צוּבְּרָאכֶען, אונְד דָאס גָאלְדֶענֶע
לֶעמְפֶּעל וֶוערְט צוּשְׁטִיקֶעלְט, אונְד
דֶער קְרוּג וֶוערְט צוּבְּרָאכֶען בֵּייא דֶעם
קְוַואֵל, אונְד דָאס רָאד וֶוערְט צוּבְּרָאכֶען
בֵּייא דֶעם בְּרוּנֶען ׃
7 אונְד וֶוען דֶער שְׁטוֹיבּ קֶעהְרְט
צוּרִיק צוּ דֶער עֶרְד אַזוֹי וִויא עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען, אונְד דֶער גֵייסְט קֶעהְרְט
צוּרִיק צוּ גָאט וָואס עֶר הָאט אִיהְם
גֶעגֶעבֶּען ׃
8 אוֹי, נַארִישְׁקֵייט פון נַארִישְׁקֵייטֶען!
זָאגְט דֶער קֹהֶלֶת, אַלֶעס אִיז נַארִישׁ־
קֵייט ׃
9 נָאךְ פִיל מֶעהְר, וֵוייל דֶער קֹהֶלֶת
אִיז גֶעוֶועזֶען אַ חָכָם, אַזוֹי הָאט עֶר
נָאךְ דָאס פָאלְק בֶּעלֶעהְרְט אִין דֶער
ווִיסֶענְשַׁאפְט, עֶר הָאט אויךְ גוּט
אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אונְד אויסְגֶעפָארְשְׁט
אונְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט פִילֶע מְשָׁלִים ׃
10 קֹהֶלֶת הָאט אויךְ גֶעזוּכְט כְּדֵי
אויסְצוּגֶעפִינֶען לֶעבְּלִיכֶע וֶוערְטֶער,
אונְד עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אֱמֶתֶע
אונְד רֶעכְטפַארְטִיגֶע רֵייד ׃
11 דִיא רֵייד פון דִיא חֲכָמִים זֶענֶען
אַזוֹי וִויא שְׁטֶעקֶענְס אונְד וִויא פֶעסְט
אֵיינְגֶעשְׁלָאגֶענֶע נֶענֶעל וָואס זֶענֶען
אַזוֹי וִויא אֵיינְגֶעפְלַאנְצְט בֵּייא דִיא
הַארֶען פון דִיא אַסוּפוֹת, וָואס זֶענֶען
גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען פון אֵיינֶעם הֶערְטֶען
(פַּאסְטוּךְ) ׃
12 אונְד נָאךְ מֶעהְר, מֵיין זוּהְן, זַייא
גֶעוָוארֶענְט, פון צוּ מַאכֶען פִילֶע
סְפָרִים אִיז נִיט דָא קֵיין עֶנְד, אונְד
פִיל לֶערְנֶען אִיז אַ מִידִיגְקֵייט צוּ דֶעם
פְלֵיישׁ (לֵייבּ) ׃
13 לָאמֶער הֶערֶען דֶעם סוֹף פון
דֶעם אַלֶעס, (דֶער עִיקָר אִיז) דוּא
זָאלְסְט מוֹרָא הָאבֶען פַאר גָאט אונְד
הִיטֶען זַיינֶע מִצְוֹת, וָוארִין דָאס אִיז
דִיא זַאךְ פַאר אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ ׃
14 וָוארִין גָאט וֶועט אִיטְלִיכֶע זַאךְ
בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם מִשְׁפָּט, צוּזַאמֶען
מִיט אַלֶעם וָואס אִיז פֶערְבָּארְגֶען,
אוֹיבּ עֶס אִיז גוּט אָדֶער שְׁלֶעכְט ׃

# חזק

אַלע פסוקים פֿון דעם ספר קהלת זענען צווייא הונדערט אונד צווייא
אונד צוואנציג ; אונד דיא העלפֿט דערפֿון איז קאפיטעל ו׳ פסוק
י׳. אונד עס האט אים גאנצען צוועלף קאפיטלען ׃

# מגלת אסתר

## קאפיטטעל א

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶוען אִין דִיא
טֶעג פוּן אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ—עֶר אִיז גֶעוֶוען
דֶער אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ וָואס הָאט רֶעגִירְט פוּן
הוֹדוּ בִּיז כּוּשׁ, אִיבֶּער הוּנְדֶערְט אוּנְד
זִיבֶּען אוּנְד צְוַואנְצִיג מְדִינוֹת:
2 אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע טֶעג, וֶוען דֶער
קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף
דֶעם טְרוֹין־שְׁטוּל פוּן זַיין קֶענִיגְרַייך,
וָואס אִיז גֶעוֶוען אִין דֶער הוֹיפְּט
שְׁטָאט פוּן שׁוּשַׁן:
3 אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג פוּן זַיינֶע
רֶעגִירוּנְג, הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַיינֶע
סְעוּדָה פַאר אַלֶע זַיינֶע פִירְשְׁטֶען אוּנְד
זַיינֶע קְנֶעכְט, פוּן דֶעם חַיִל פוּן פָּרַס
אוּנְד מָדַי, דִיא עֶדֶעל־לַייט אוּנְד
פִירְשְׁטֶען פוּן דִיא מְדִינוֹת וָואס וַוארֶען
פָאר אִיהְם:
4 וֶוען עֶר הָאט גֶעווִיזֶען דָאס עֲשִׁירוּת
פוּן דֶעם כָּבוֹד פוּן זַיין קֶענִיגְרַייך,
אוּנְד דִיא הֶערְלִיכֶע שֵׁיינְהַייט אוּנְד
זַיינֶע גְרוֹיסְקַייט, פִילֶע טֶעג, הוּנְדֶערְט
אוּנְד אַכְצִיג טֶעג:
5 אוּנְד וֶוען דִיא דָאזִיגֶע טֶעג הָאבֶּען
זִיךְ דֶערְפִילְט, אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ
אוֹיךְ גֶעמַאכְט אַ סְעוּדָה פַאר דֶעם
גַאנְצֶען פָאלְק וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען
אִין דֶער הוֹיפְּט־שְׁטָאט שׁוּשַׁן, פוּן
גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין, זִיבֶּען טֶעג, אִין דֶעם
הוֹיף פוּן דֶעם גָארְטֶען פוּן דֶעם
מֶלֶךְ'ס פַּאלַאסְט:
6 אַוְואוּ עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען ווַייסֶע,
גְרִינֶע אוּנְד פוּרְפֶּעל טֵיירֶע זַיידֶענֶע
פָארְהֶענְגֶען אֵיינְגֶעפַאסְט מִיט פֵיינֶע
שְׁטְרִיקֶלֶעךְ צוּ זִילְבֶּערְנֶע רִינְגֶלֶעךְ,
אוּנְד זַיילֶען פוּן מַארְמֶער־שְׁטֵיין, אוֹיף
בֶּעטְלֶעךְ פוּן גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער, אוֹיף
אַ פְּלַאסְטֶער פוּן טֵיירֶע מַארְמֶער־
שְׁטֵיינֶער:
7 אוּנְד מֶען הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען צוּ
טְרִינְקֶען אִין גָאלְדֶענֶע כֵּלִים, אוּנְד
אַיין כֶּלִי אִיז גֶעוֶוען אַנְדֶערְשׁ פוּן
דִיא אַנְדֶערֶע כֶּלִי, אוּנְד קֶענִיגְלִיכֶער ווַיין
אִיז זֶעהְר פִיל גֶעוֶוען, גְרָאד אַזוֹי
ווִיא אַ קֶענִיג קֶען גֶעבֶּען:
8 אוּנְד דָאס גֶעטְרֶענְק אִיז גֶעוֶוען
נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ, מֶען הָאט קֵיינֶעם
נִיט גֶענֵייט, ווָארִין דֶער קֶענִיג הָאט
אַזוֹי בֶּעפוֹילֶען צוּ דִיא עֶלְצְטֶע אִיבֶּער
זַיין הוֹיז כְּדֵי צוּ טְהוּן אַזוֹי ווִיא אִיטְ־
לִיכֶער ווִיל:
9 אוֹיךְ דִיא מַלְכָּה וַשְׁתִּי הָאט גֶעמַאכְט
אַ סְעוּדָה פַאר דִיא ווַייבֶּער פוּן דֶעם
קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיז, ווָאס הָאט גֶעהֶערְט
צוּ דֶעם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ:
10 אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג, ווֶען דָאס
הַארְץ פוּן דֶעם קֶענִיג אִיז גֶעווֶעזֶען
פְרֵיילִיךְ פוּן דֶעם ווַיין, אַזוֹי הָאט עֶר
גֶעזָאגְט צוּ מְהוּמָן, בִּזְתָא, חַרְבוֹנָא,
בִּגְתָא אוּנְד אֲבַגְתָא, זֵתַר אוּנְד כַּרְכַּס,
דִיא זִיבֶּען בֶּעדִינְטֶע פוּן פַאר דֶעם
קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ:
11 אַז זֵייא זָאלֶען אַרַיינְבְּרֶענְגֶען דִיא
מַלְכָּה וַשְׁתִּי מִיט דֶער קֶענִיגְלִיכֶער
קְרוֹין, כְּדֵי צוּ ווַייזֶען אִיהְרֶע שֵׁיינְהַייט
צוּ דִיא פֶעלְקֶער אוּנְד צוּ דִיא

פִירְשְׁטֶען, וָוארִין וִיא אִיז זֶעהְר שֵׁיין גֶעוֶועזֶען׃

12 אָבֶּער דִיא מַלְכָּה וַשְׁתִּי הָאט נִיט גֶעוָואלְט קוּמֶען אוֹיף דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן דֶעם קֶענִיג דוּרְךְ דִיא בֶּעדִינְטֶע; אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג זֶעהְר גֶעצָארְנְט, אוּנְד זַיין צָארְן הָאט אִין אִיהְם גֶעבְּרֶענְט׃

13 אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט צוּ דִיא חֲכָמִים וָואס וִויסֶען דִיא צַייטֶען,— וָוארִין אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וָוארְט פוּן דֶעם קֶענִיג פַאר דִיא וָואס וִויסֶען דָאס גֶעזֶעץ אוּנְד דֶעם דִין׃

14 אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען צוּ אִיהְם אַם נָאהֶענְסְטֶען גֶעוֶועזֶען וַוארֶען, כַּרְשְׁנָא, שֵׁתָר, אַדְמָתָא, תַּרְשִׁישׁ, מֶרֶס, מַרְסְנָא, אוּנְד מְמוּכָן, דִיא זִיבֶּען פִירְשְׁטֶען פוּן פָּרַס וּמָדַי, וָואס הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס פָּנִים פוּן דֶעם קֶענִיג, וָואס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ׃

15 וָואס זָאל מֶען טְהוּן צוּ דֶער מַלְכָּה וַשְׁתִּי, נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ, וַוייל זִיא הָאט נִיט גֶעטְהוּן נָאךְ דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן דֶעם קֶענִיג, אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, דוּרְךְ דִיא בֶּעדִינְטֶע?

16 אַזוֹי הָאט מְמוּכָן גֶעזָאגְט פַאר דֶעם קֶענִיג אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען, עֶס אִיז נִיט קֶעגֶען דֶעם קֶענִיג אַלֵיין דָאס דִיא מַלְכָּה וַשְׁתִּי הָאט אוּמְרֶעכְט גֶעטְהוּן, נֵייעֶרְט אוֹיךְ קֶעגֶען אַלֶע פִירְשְׁטֶען אוּנְד קֶעגֶען אַלֶע פֶעלְקֶער וָואס זֶענֶען אִין אַלֶע מְדִינוֹת פוּן דֶעם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ׃

17 וָוארִין דִיא זַאךְ פוּן דִיא מַלְכָּה וֶועט אַרוֹיסְגֵיין צוּ אַלֶע וַוייבֶּער, אוּנְד זַייא וֶועלֶען פֶערַאכְטֶען זַייעֶרֶע מֶענֶער אִין זַייעֶרֶע אוֹיגֶען, וֶוען זַייא וֶועלֶען זָאגֶען, דֶער קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ הָאט בֶּעפוֹילֶען אַז דִיא מַלְכָּה וַשְׁתִּי זָאל פַאר אִיהְם גֶעבְּרֶענְגְט וֶוערֶען, אָבֶּער זִיא הָאט נִיט גֶעוָואלְט קוּמֶען׃

18 אוּנְד הֵיינְט וֶועלֶען דִיא פִירְשְׁטְלִיכֶע פְרוֹיעֶן פוּן פָּרַס אוּנְד מָדַי וָואס הָאבֶּען גֶעהֶערְט דִיא זַאךְ פוּן דֶער מַלְכָּה, אוֹיךְ אַזוֹי זָאגֶען צוּ אַלֶע פִירְשְׁטֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד עֶס וֶועט מַאכֶען גֶענוּג בּוּשָׁה אוּנְד צָארְן׃

19 אוּנְד וֶוען עֶס גֶעפֶעלְט דֶעם קֶענִיג, אַזוֹי זָאל אַרוֹיסְגֵיין אַ קֶענִיגְלִיכֶער בֶּעפֶעהְל פוּן פַאר אִיהְם, אוּנְד לָאז עֶס אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען וֶוערֶען אִין דִיא גֶעזֶעץ פוּן פָּרַס אוּנְד מָדַי אוּנְד מֶען זָאל דָאס נִיט מֶעהְר עוֹבֵר זַיין, אַז וַשְׁתִּי זָאל נִיט מֶעהְר קוּמֶען פַאר דֶעם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, אוּנְד דָאס דֶער מֶלֶךְ זָאל גֶעבֶּען אִיהְרֶע מְלוּכָה צוּ אֵיינֶע אַנְדֶרֶע וָואס אִיז בֶּעסֶער וִויא זִיא אִיז׃

20 אוּנְד וֶוען דֶער בֶּעפֶעהְל פוּן דֶעם קֶענִיג וָואס עֶר וֶועט אַרוֹיסְגֶעבֶּען, וֶועט גֶעהֶערְט וֶוערֶען אִין זַיין גַאנְצֶען קֶענִיגְרֵייךְ (וָוארִין עֶס אִיז גְרוֹיס), אַזוֹי וֶועלֶען אַלֶע וַוייבֶּער מוּזֶען כָּבוֹד אָפְּגֶעבֶּען צוּ זַייעֶרֶע מֶענֶער, פוּן גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין׃

21 אוּנְד דִיא זַאךְ הָאט גוּט גֶעפָאלֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעטְהוּן נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן מְמוּכָן׃

22 אוּנְד מֶען הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט בְּרִיף צוּ אַלֶע מְדִינוֹת פוּן דֶעם מֶלֶךְ, צוּ אִיטְלִיכֶע מְדִינָה נָאךְ אִיהְר כְּתָב, אוּנְד צוּ אִיטְלִיכֶען פָאלְק נָאךְ אִיהְר לָשׁוֹן,

כְּדֵי אִיטְלִיכֶער מַאן זָאל זַיין אַ גֶעוועלְטִיגֶער אִין זַיין אֵייגֶען הויז, אוּנְד עֶס זָאל בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט וֶוערֶען נָאךְ דֶער שְׁפְּרַאךְ פוּן אִיטְלִיכֶען פָּאלְק:

קאפיטעל ב

1 נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען, וֶוען דֶער גְרִימְצָארְן פוּן דֶעם מֶלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ הָאט זִיךְ אַ בִּיסֶעל גֶעשְׁטִילְט, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעדֶענְקְט אַן וַשְׁתִּי, אוּנְד וָואס זִיא הָאט גֶעטְהוּן, אוּנְד אוֹיךְ וָואס מֶען הָאט אִיבֶּער אִיהְר גוֹזֵר גֶעוֶועזֶען:

2 אוּנְד דִיא יוּנְגֶע בֶּעדִינְטֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מֶען זָאל אוֹיסְזוּכֶען פַאר דֶעם מֶלֶךְ גַאנְץ שֵׁיינֶע יוּנְגֶע בְּתוּלוֹת:

3 אוּנְד לָאז דֶער מֶלֶךְ אָנְשְׁטֶעלֶען בֶּעפֶעהְלֶערְס אִיבֶּער אַלֶע מְדִינוֹת פוּן זַיין קֶענִיגְרַייךְ, כְּדֵי זַייא זָאלֶען פֶערְזַאמְלֶען אַלֶע יוּנְגֶע שֵׁיינֶע בְּתוּלוֹת צוּ דֶער הויפְּט־שְׁטָאט שׁוּשַׁן אִין דֶעם הויז פוּן דִיא וַוייבֶּער, צוּ דֶעם הֵגֶא דֶעם מֶלֶךְ'ס בֶּעדִינְטֶען, דֶער הִיטֶער פוּן דִיא וַוייבֶּער, אוּנְד מֶען זָאל צוּ זַייא גֶעבֶּען זַיירֶע גוּטֶע בְּשָׂמִים:

4 אוּנְד לָאז דִיא יוּנְגְפְרוֹיא וָואס וֶועט זַיין וְואוֹילְגֶעפֶעלִיג אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם קֶענִיג זַיין דִיא מַלְכָּה אַנְשְׁטָאט וַשְׁתִּי, אוּנְד דִיא זַאךְ הָאט דֶעם קֶענִיג גוּט גֶעפָאלֶען, אוּנְד עֶר הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן:

5 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין שׁוּשַׁן אַ יוּדִישֶׁער מַאן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען מָרְדְּכַי, בֶּן־יָאִיר, בֶּן־שִׁמְעִי, בֶּן־קִישׁ פוּן דֶעם שֵׁבֶט בִּנְיָמִין:

6 וָואס אִיז פֶערְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען אוֹיס יְרוּשָׁלַיִם מִיט דִיא פֶערְטְרִיבֶּענֶע וָואס זֶענֶען פֶערְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען מִיט יְכָנְיָה מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה וֶועמֶען נְבוּכַדְנֶצַּר מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל הָאט פֶערְטְרִיבֶּען:

7 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען דִיא הֲדַסָּה, דָאס אִיז אֶסְתֵּר, זַיין פֶעטֶער'ס טָאכְטֶער, וָוארִין זִיא הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיין פָאטֶער אוּנְד קֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד דִיא יוּנְגְפְרוֹיא אִיז זֶעהְר שֵׁיין גֶעוֶועזֶען, אוּנְד וֶוען אִיהְר פָאטֶער אוּנְד אִיהְרֶע מוּטֶער זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען אַזוֹי הָאט עֶר זִיא צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען פַאר אַ טָאכְטֶער:

8 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דֶעם מֶלֶךְ'ס בֶּעפֶעהְל אוּנְד זַיין גֶעזֶעץ אִיז גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד וֶוען מֶען הָאט פֶערְזַאמֶעלְט פִילֶע יוּנְגְפְרוֹיעֶן צוּ דֶער הויפְּט־שְׁטָאט שׁוּשַׁן דוּרְךְ הֵגָי, אַזוֹי אִיז אֶסְתֵּר אוֹיךְ גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ'ס הויז דוּרְךְ הֵגָי דֶער הִיטֶער פוּן דִיא פְרוֹיעֶן:

9 אוּנְד דִיא יוּנְגְפְרוֹיא הָאט אִיהְם גוּט גֶעפָאלֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעקְרִיגֶען גְנָאד פַאר אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְר גֶעשְׁווִינְד גֶעגֶעבֶּען אִיהְרֶע בְּשָׂמִים אוּנְד אִיהְרֶע בֶּעשְׁטִימְטֶע גָאבֶּען וָואס אִיז אִיהְר צוּגֶעקוּמֶען, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְר אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען זִיבֶּען מֵיידֶען וָואס אִיז אִיהְר צוּגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען הויז, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְר גֶעגֶעבֶּען אוּנְד צוּ אִיהְרֶע מֵיידֶען דֶעם בֶּעסְטֶען אָרְט אִין דֶעם הויז פוּן דִיא וַוייבֶּער:

10 אֶסְתֵּר הָאט נִיט אוֹיסְגֶעזָאגְט פוּן וָואס פַאר אַ פָאלְק זִיא אִיז גֶעבּוֹירֶען, וָוארִין מָרְדְּכַי הָאט אִיהְר בֶּעפוֹילֶען אַז זִיא זָאל עֶס נִיט אוֹיסְזָאגֶען:

11 אוּנְד מָרְדְּכַי פְלֶעגְט אַלֶע טָאג

אַרוּמְגֶיין פַאר דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דִיא וַוייבֶּער כְּדֵי צוּ ווִיסֶען דֶעם שָׁלוֹם פוּן אֶסְתֵּר אוּנְד וָואס מֶען טְהוּט מִיט אִיהְר:

12 אוּנְד וֶוען דִיא צַייט אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַז אִיטְלִיכֶעס מֵיידֶעל זָאל אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט ווֶערֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען אַם עֶנְד פוּן צְוֶועלְף חֳדָשִׁים, נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ פוּן דִיא ווַייבֶּער, ווָארִין אַזוֹי לַאנְג הָאבֶּען גֶעדוֹיעֶרְט זֵיירֶע טֶעג פוּן רֵיינִיגוּנְג—זֶעקְס חֳדָשִׁים מִיט אֵייל פוּן מוֹר, אוּנְד זֶעקְס חֳדָשִׁים מִיט בְּשָׂמִים אוּנְד אַנְדֶערֶע זַאכֶען וָואס מַאכֶען דִיא וַוייבֶּער לוֹיטֶער:

13 אוּנְד אוֹיף אַזוֹי אֵייןְ אוֹפֶן פְלֶעגֶען דִיא יוּנְגפְרוֹיעֶן אַרֵיינְצוּקוּמֶען צוּ דֶעם קֶענִיג, אַלֶעס וָואס זִיא הָאט נָאר פֶערְלַאנְגְט הָאט מֶען אִיהְר גֶעגֶעבֶּען, כְּדֵי מִיט זִיךְ צוּ גֶעמֶען פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דִיא פְרוֹיעֶן בִּיז צוּ דֶעם קֶענִיגְ'ס הוֹיז:

14 אִין דֶעם אָבֶענְד אִיז זִיא אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד אַם מָארְגֶען הָאט זִיא זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ דֶעם אַנְדֶערְן הוֹיז פוּן דִיא ווַייבֶּער, דוּרְךְ דֶעם שַׁעַשְׁגַז דֶעם קֶענִיגְ'ס בֶּעדִינְטֶער דֶער הִיטֶער פוּן דִיא קֶעבְּס־ווַייבֶּער, זִיא אִיז נִיט מֶעהְר צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם קֶענִיג, חוּץ דֶער קֶענִיג הָאט זִיא פֶערְלַאנְגְט, אוּנְד וֶוען זִיא אִיז אָנְגֶערוּפֶען גֶעווָארֶען בֵּייא אִיהְר נָאמֶען:

15 אוּנְד וֶוען דִיא צַייט אִיז אָנְגֶעקוּמֶען פוּן אֶסְתֵּר, דִיא טָאכְטֶער פוּן אֲבִיחַיִל מָרְדְּכַי'ס פֶעטֶער, וָואס עֶר הָאט זִיא צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען פַאר אַ טָאכְטֶער, אַז זִיא זָאל אַרֵיינְקוּמֶען צוּ דֶעם קֶענִיג, אַזוֹי הָאט זִיא קֵיין שוּם זַאךְ נִיט פֶערְלַאנְגְט, נָאר וָואס הֵגַי דֶער בֶּעדִינְטֶער פוּן דֶעם מֶלֶךְ, דֶער הִיטֶער פוּן דִיא ווַייבֶּער הָאט אִיהְר גֶעזָאגְט, אוּנְד אֶסְתֵּר הָאט גֶעפוּנֶען חֵן אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן אַלֶע וָואס הָאבֶּען זִיא גֶעזֶעהֶען:

16 אַזוֹי אִיז אֶסְתֵּר אַרֵיינְגֶענוּמֶען גֶעווָארֶען צוּ דֶעם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, צוּ דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיז, אִין דֶעם צֶעהְנְטֶען חוֹדֶשׁ, דָאס אִיז דֶער חוֹדֶשׁ טֵבֵת, אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען יָאהְר פוּן זֵיינֶע רֶעגִירוּנְג:

17 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט דִיא אֶסְתֵּר מֶעהְר גֶעלִיבְּט ווִיא אַלֶע ווַייבֶּער, אוּנְד זִיא הָאט מֶעהְר חֵן אוּנְד חֶסֶד גֶעהַאט פַאר אִיהְם פוּן אַלֶע אַנְדֶערֶע בְּתוּלוֹת, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דִיא קֶענִיגְלִיכֶע קְרוֹין אוֹיף אִיהְר קָאפּ, אוּנְד זִיא אִיז גֶעווָארֶען מַלְכָּה אִין דֶער שְׁטֶעל פוּן וַשְׁתִּי:

18 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶע סְעוּדָה צוּ אַלֶע זֵיינֶע פִירְשְׁטֶען אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט, דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען אֶסְתֵּרְ'ס סְעוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט נָאכְגֶעלָאזְט מַס צוּ דִיא מְדִינוֹת, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען מַתָּנוֹת לוֹיט ווִיא אַ קֶענִיג:

19 אוּנְד וֶוען דִיא בְּתוּלוֹת זֶענֶען נָאךְ דָאס אַנְדֶערֶע מָאל פֶערְזַאמֶעלְט גֶעווָארֶען, אַזוֹי אִיז מָרְדְּכַי גֶעזֶעסֶען אִין דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם קֶענִיג:

20 אֶסְתֵּר הָאט נִיט אוֹיסְגֶעזָאגְט אִיהְרֶע מִשְׁפָּחָה אוּנְד אוֹיךְ נִיט אִיהְר פָאלְק, אַזוֹי ווִיא מָרְדְּכַי הָאט אִיהְר בֶּעפוֹילֶען, אוּנְד דָאס וָואס מָרְדְּכַי הָאט אִיהְר אָנְגֶעזָאגְט דָאס הָאט

אֶסְתֵּר גֶעטְהוּן, גְרָאד אַזוֹי וִויא זִיא אִיז בֵּייא אִיהְם דֶערְצוֹיגֶען גֶעוָועזֶען׃

21 אִין דִיא דָאזִיגֶע טֶעג, וָוען מָרְדְכַי אִיז גֶעזֶעסֶען אִין דֶעם קֶענִיגְ'ס טוֹיעֶר, אַזוֹי הָאבֶּען בִּגְתָן אוּנְד תֶרֶשׁ, דִיא צְווֵייא בֶּעדִינְטֶע פוּן דֶעם קֶענִיג, וָואס הָאבֶּען גֶעהִיט דִיא שְׁוֶועל (טִיעֶר) גֶעצָארְנְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזוּכְט דִיא הַאנְד אוֹיסְצוּשְׁטְרֶעקֶען קֶעגֶען דֶעם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ׃

22 אוּנְד דִיא זַאךְ אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען צוּ מָרְדְכַי, אוּנְד עֶר הָאט דָאס אָנְגֶעזָאגְט צוּ אֶסְתֵּר הַמַּלְכָּה, אוּנְד אֶסְתֵּר הָאט דָאס אָנְגֶעזָאגְט צוּ דֶעם קֶענִיג אִין מָרְדְכַי'ס נָאמֶען׃

23 אוּנְד וָוען מֶען הָאט דִיא זַאךְ אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט אַזוֹי הָאט מֶען עֶס אוֹיסְגֶעפוּנֶען אוּנְד זֵייא זֶענֶען בֵּיידֶע אוֹיף אַ בּוֹים אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דָאס אִיז אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם סֵפֶר דִבְרֵי הַיָּמִים פַאר דֶעם מֶלֶךְ׃

## קאפיטעל ג

1 נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען הָאט דֶער מֶלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ דֶערְהֵייבְּט דֶעם הָמָן בֶּן־הַמְּדָתָא דֶעם אֲגָגִי, אוּנְד עֶר הָאט זַיין שְׁטוּל הֶעכֶער גֶעמַאכְט פוּן אַלֶע זַיינֶע פֶערשְׁטֶען וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוָועזֶען׃

2 אוּנְד אַלֶע קְנֶעכְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ וָואס זֶענֶען גֶעוָועזֶען אִין דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם מֶלֶךְ הָאבֶּען גֶעקְנִיט אוּנְד זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ הָמָן, וָוארִין אַזוֹי אִיז גֶעוָועזֶען דֶער בֶּעפֶעהְל פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אָבֶּער מָרְדְכַי הָאט נִיט (צוּ אִיהְם) גֶעקְנִיט אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ נִיט גֶעבִּיקְט׃

3 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם מֶלֶךְ, גֶעזָאגְט צוּ מָרְדְכַי, פַארְוָואס בִּיזְט דוּא עוֹבֵר דֶעם מֶלֶךְ'ס גֶעבָּאט?

4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט אַלֶע טָאג אוּנְד עֶר הָאט זֵייא נִיט גֶעהָארְכְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ הָמָן כְּדֵי צוּ זֶעהֶען אוֹיבּ מָרְדְכַי'ס רֵייד וֶועלֶען קֶעגֶען בֶּעשְׁטֵיין, וָוארִין עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז אַ יוּד׃

5 אוּנְד וֶוען הָמָן הָאט גֶעזֶעהֶען אַז מָרְדְכַי קְנִיט נִיט אַנִידֶער אוּנְד בִּיקְט זִיךְ נִיט אַמָאל צוּ אִיהְם, אַזוֹי אִיז הָמָן פוּל גֶעוָוארֶען מִיט צָארְן׃

6 אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעטְרַאכְט פַאר אַ בּוּשָׁה אַז עֶר זָאל זַיינֶע הַאנְד לֵייגֶען אַן מָרְדְכַי אַלֵיין, וָוארִין מֶען הָאט צוּ אִיהְם אָנְגֶעזָאגְט דָאס פָאלְק פוּן מָרְדְכַי, אוּנְד הָמָן הָאט גֶעזוּכְט אַלֶע יוּדֶען צוּ פֶערְטִילְגֶען וָוארִין דָאס פָאלְק פוּן מָרְדְכַי זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם גַאנְצֶען קֶענִיגְרֵייךְ פוּן אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ׃

7 אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען חוֹדֶשׁ, דָאס אִיז דֶער חוֹדֶשׁ נִיסָן, אִין דֶעם צְוֶועלְפְטֶען יָאהְר פוּן דֶעם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, אִיז דָאס גוֹרָל גֶעפַאלֶען פַאר הָמָן, פוּן טָאג צוּ טָאג, אוּנְד פוּן חוֹדֶשׁ צוּ חוֹדֶשׁ בִּיז צוּם צְוֶועלְפְטֶען חוֹדֶשׁ, דָאס אִיז דֶער חוֹדֶשׁ אֲדָר׃

8 אוּנְד הָמָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ גֶעווִיסֶעס פָאלְק, פֶערשְׁפְּרֵייט צְווִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער אִין אַלֶע מְדִינוֹת פוּן דַיין מַלְכוּת, אוּנְד זֵייעֶרֶע גֶעזֶעץ זֶענֶען

אַנְדֶערְשְׁט פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵייא הַאלְטֶען נִיט דִיא גֶעזֶעץ פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד עֶס נִיצְט נָארְנִיט דֶעם מֶלֶךְ זֵייא לֶעבֶּען צוּ לָאזֶען:

9 אוּנְד וֶוען עֶס גֶעפֶעלְט דֶעם קֶענִיג, אַזוֹי לָאז מֶען אוֹיסשְׁרֵייבֶּען כְּדֵי זֵייא צוּ פֶערְטִילְגֶען; אוּנְד אִיךְ וֶועל אָפְּ־וֶועגֶען צֶעהְן טוֹיזֶענְד צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער צוּ דִיא וָואס וֶועלֶען טְהוּן דִיזֶע מְלָאכָה, כְּדֵי עֶס אַרֵיינְצוּבְּרֶענְגֶען אִין דִיא קַאסֶע פוּן דֶעם מֶלֶךְ:

10 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ אָפְּגֶעטְהוּן זַיין רִינְג פוּן זֵיינֶע הַאנְד אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּ הָמָן בֶּן־הַמְּדָתָא, דֶעם אֲגָגִי, דֶער פֵיינְד פוּן דִיא יוּדֶען:

11 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ הָמָן, דָאס זִילְבֶּער (גֶעלְד) אִיז צוּ דִיר גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד אוֹיךְ דָאס פָאלְק, כְּדֵי מִיט זֵייא צוּ טְהוּן וָואס דִיר גֶעפֶעלְט:

12 אוּנְד מֶען הָאט צוּזַאמֶען גֶערוּפֶען דִיא קֶענִיגְלִיכֶע שְׁרֵייבֶּערְס אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם דְרֵייצֶעהְנְטֶען טָאג, אוּנְד מֶען הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען נָאךְ אַלֶעם אַזוֹי וִויא הָמָן הָאט גֶעבָּאטֶען, צוּ דֶעם מֶלֶךְ'ס בֶּעפֶעהְלֶערְס, אוּנְד צוּ אִיטְלִיכֶע מְדִינָה, אוּנְד צוּ דֶעם פִירְשְׁט פוּן אִיטְלִיכֶען פָאלְק, אוּנְד צוּ אִיטְלִיכֶע מְדִינָה נָאךְ זֵייעֶרֶע שְׁרִיפְט, אוּנְד צוּ אִיטְלִיכֶען פָאלְק נָאךְ זֵייעֶר לָשׁוֹן, אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ אִיז דָאס גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען, אוּנְד גֶעחַתְמְת מִיט דֶעם מֶלֶךְ'ס רִינְג:

13 אוּנְד דִיא בְּרִיף זֶענֶען גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דִיא לוֹיפֶערְס צוּ אַלֶע מְדִינוֹת פוּן דֶעם קֶענִיג צוּ פֶערְטִילְגֶען אוּנְד צוּ הַרְגִ'נְן אוּנְד פֶערְלִירֶען צוּ מַאכֶען אַלֶע יוּדֶען, פוּן יוּנְג בִּיז אַלְט, קְלֵיינֶע קִינְדֶער אוּנְד וֵוייבֶּער אִין אֵיין טָאג, אִין דֶעם דְרֵייצֶענְטֶען טָאג פוּן דֶעם צְוֶועלְפְטֶען חוֹדֶשׁ, דָאס אִיז דֶער חוֹדֶשׁ אֲדָר, אוּנְד זֵייא אִים גַאנְצֶען צוּ רוֹיבֶּען:

14 אֵיינֶע אָפְּשְׁרִיפְט פוּן דֶעם אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אַלְס אַ גֶעזֶעץ אִין אִיטְלִיכֶע מְדִינָה, מֶען הָאט דָאס עֶנְטפְּלֶעקְט צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער כְּדֵי זֵייא זָאלֶען זֵיין אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ דֶעם דָאזִיגֶען טָאג:

15 דִיא לוֹיפֶערְס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְ־גֶען אֵיילֶענְדִיג דוּרְךְ דֶעם קֶענִיג'ס בֶּעפֶעהְל, אוּנְד דָאס גֶעזֶעץ אִיז שׁוֹין אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אִין דֶער הוֹיפְּטשְׁטָאט פוּן שׁוּשַׁן, אוּנְד דֶער קֶענִיג אוּנְד הָמָן הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְ־גֶעזֶעצְט צוּ טְרִינְקֶען, אָבֶּער דִיא שְׁטָאט שׁוּשַׁן אִיז פֶערְטִימֶעלְט גֶעוֶועזֶען:

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד וֶוען מָרְדְּכַי הָאט גֶעוָואר גֶעוָוארֶען אַלֶעס וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, אַזוֹי הָאט עֶר צוּרִיסֶען זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעטְהוּן מִיט אַ זַאק אוּנְד אַשׁ, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶע־גַאנְגֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ גְרוֹיס אוּנְד בִּיטֶער גֶעשְׁרֵייא:

2 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען בִּיז פַאר דֶעם קֶענִיג'ס טוֹיעֶר, וָוארִין קֵיינֶער טָאר נִיט אַרֵיינְקוּמֶען צוּ דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם קֶענִיג אָנְגֶעקְלֵייד מִיט אַ זַאק:

3 אוּנְד אִין אִיטְלִיכֶע מְדִינָה אַוְואוּ דֶעם קֶענִיג'ס בֶּעפֶעהְל אוּנְד זֵיין גֶעזֶעץ אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, אִיז גֶעוֶועזֶען אַ

גְרויסֶע טְרויערִיגְקַייט צוּ דִיא יוּדֶען, אוּנְד פַאסְטֶען אוּנְד גְעווייין אוּנְד אַ קְלָאג, אוּנְד פִילֶע זֶענֶען גְעלֶעגֶען אִין זָעק אוּנְד אַש׃

4 אוּנְד אֶסְתֵּר'ס מֵיידֶען אוּנְד אִיהְרֶע בֶּעדִינְטֶע זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס צוּ אִיהר גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט זִיךְ דִיא מַלְכָּה זֶעהְר דֶערשְׁרָאקֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעשִׁיקְט קְלַיידֶער צוּ מָרְדְכַי זִיךְ אָנְצוּקְלַיידֶען, אוּנְד אַז עֶר זָאל פוּן זִיךְ אָפְּטְהוּן זֵיין זַאק, אָבֶּער עֶר הָאט עֶס נִיט גֶעוָואלְט אָנְנֶעמֶען׃

5 אוּנְד אֶסְתֵּר הָאט גֶערוּפֶען דֶעם הֲתָךְ, אֵיינֶעם פוּן דֶעם קֶענִיגְ'ס בֶּעדִינְטֶע וָואס אִיז פַאר אִיהְר גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען צוּ מָרְדְכַי, כְּדֵי צוּ וִויסֶען וָואס דָאס אִיז, אוּנְד פַאר וָואס עֶס אִיז׃

6 אַזוֹי אִיז הֲתָךְ אַרויסְגֶעגַאנְגֶען צוּ מָרְדְכַי צוּ דֶער גַאס פוּן דֶער שְׁטָאט, וָואס אִיז פַאר דֶעם קֶענִיגְ'ס טוֹיעֶר׃

7 אוּנְד מָרְדְכַי הָאט אִיהְם דֶערְצֵיילְט אַלֶעס דָאס וָואס הָאט אִיהְם אָנְגֶעטְרָאפֶען, אוּנְד דִיא סוּמָא גֶעלְד וָואס הָמָן הָאט גֶעטְרַאכְט אָפְּצוּוֶועגֶען אִין דֶעם קֶענִיגְ'ס אוֹצָר אַרֵיין, כְּדֵי מֶען זָאל דִיא יוּדֶען פֶערְטִילְגֶען׃

8 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אֵיינֶע אָפְּשְׁרִיפְט פוּן דֶעם גֶעשְׁרִיבֶּענֶעם בֶּעפֶעהְל וָואס אִיז אַרויסְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אִין שׁוּשַׁן זַייא (דִיא יוּדֶען) צוּ פֶערְטִילְגֶען, כְּדֵי עֶס צוּ ווייזֶען צוּ אֶסְתֵּר, אוּנְד אִיהר אָנְצוּזָאגֶען, אוּנְד אִיהְר צוּ גֶעבִּיטֶען, אַז זִיא זָאל אַרֵיינְקוּמֶען צוּ דֶעם קֶענִיג אוּנְד צוּ אִיהְם בֶּעטֶען פוּן וֶועגֶען אִיהר פָאלְק׃

9 אַזוֹי אִיז דֶער הֲתָךְ גֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט צוּ אֶסְתֵּר אָנְגֶעזָאגְט דִיא ווערְטֶער פוּן מָרְדְכַי׃

10 אַזוֹי הָאט אֶסְתֵּר נָאכְדֶעמָאל גֶעזָאגְט צוּ הֲתָךְ, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם בֶּעפוֹילֶען (צוּ זָאגֶען) צוּ מָרְדְכַי׃

11 אַלֶע קְנֶעכְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן דֶעם מֶלֶךְ'ס מְדִינוֹת ווייסֶען (גַאנְץ גוּט), אַז אִיטְלִיכֶער מַאן אָדֶער פְרוֹיא וָואס וֶועט זִיךְ אוּנְטֶערְשְׁטֵיין אַרֵיינְצוּקוּמֶען אִין דֶעם אִינֶעווייניגְסְטֶען פָארְהוֹיף פוּן דֶעם מֶלֶךְ וֶוען עֶר אִיז נִיט גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען, — אִיז נָאר אֵיין גֶעזֶעץ — דָאס עֶס אִיז אִיהְם צוּ טֵייטֶען, חוּץ דֶעם וָואס דֶער מֶלֶךְ שְׁטְרֶעקְט אוֹיס צוּ אִיהְם דִיא גָאלְדֶענֶע רוּט דֶער מֶעג לֶעבֶּען, אָבֶּער אִיךְ בִּין נִיט גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ אַרֵיינְצוּקוּמֶען שׁוֹין דִיא דָאזִיגֶע דְרֵייסִיג טֶעג׃

12 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעזָאגְט צוּ מָרְדְכַי דִיא ווערְטֶער פוּן אֶסְתֵּר׃

13 אוּנְד מָרְדְכַי הָאט גֶעזָאגְט אַז מֶען זָאל אֶסְתֵּר עֶנְטְפֶערְן, דוּא זָאלְסְט דִיר נִיט אֵיינְרֶעדֶען אַז דוּא וֶועסְט נִיצוֹל וֶוערֶען אִין דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיז מֶעהְר פוּן אַלֶע יוּדֶען׃

14 וָוארִין וֶוען דוּא וֶועסְט טַאקִי שְׁווייגֶען אִין דִיא יֶעצְטִיגֶע צֵייט, אַזוֹי וֶועט זַיין אַ דֶערְווייטֶערוּנְג אוּנְד אַ רֶעטוּנְג וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין צוּ דִיא יוּדֶען פוּן אֵיין אַנְדֶערְן אָרְט, אָבֶּער דוּא אוּנְד דֵיין פָאטֶערְס הוֹיזְגֶעזִינְד וֶועלֶען אוּמְקוּמֶען, אָבֶּער וֶוער ווייסְט אוֹיבּ דוּא בִּיזְט נִיט אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם מַלְכוּת צוּ אַ צֵייט ווִיא דִיא דָאזִיגֶע?

15 אַזוֹי הָאט אֶסְתֵּר בֶּעפוֹילֶען אַז

מֶען זָאל צוּ מָרְדְּכַי (דָאס) עֶנְטְפֶערְן׃

16 גֵייא, פֶערְזַאמֶעל אַלֶע יוּדֶען וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ אִין שׁוּשַׁן, אוּנְד פַאסְט פוּן מֵיינֶעטְוֶועגֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט עֶסֶען אוּנְד נִיט טְרִינְקֶען דְרֵייא טֶעג אוּנְד דְרֵייא נֶעכְט, אוּנְד אִיךְ אוּנְד מֵיינֶע מֵיידֶען וֶועלֶען אוֹיךְ אַזוֹי פַאסְטֶען, אוּנְד אַזוֹי וֶועל אִיךְ אַרֵיינְ־גֵיין צוּ דֶעם קֶענִיג, חָאטְשֶׁע עֶס אִיז קֶעגֶען דֶעם גֶעזֶעץ, אוּנְד וֶוען אִיךְ וֶועל אוּמְקוּמֶען אַזוֹי וֶועל אִיךְ אוּמְ־קוּמֶען׃

17 אַזוֹי אִיז מָרְדְּכַי אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא אֶסְתֵּר הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען׃

## קאפיטעל ה

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַן דֶעם דְרִיטֶען טָאג אַזוֹי הָאט זִיךְ אֶסְתֵּר אָנְגֶעטְהוּן קֶענִיגְלִיכֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אִין דֶעם אִינֶעוֵוייניגֶען הוֹיף פוּן דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיז, קֶעגֶענְאִיבֶּער פוּן דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיז, אוּנְד דֶער קֶענִיג אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף זֵיין קֶענִיגְלִיכֶען שְׁטוּל אִין דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיז, קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶער טִיהְר פוּן דֶעם הוֹיז׃

2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וֶוען דֶער קֶענִיג הָאט גֶעזֶעהֶען אֶסְתֵּר הַמַּלְכָּה שְׁטֵיין אִין דֶעם הוֹיף, אַזוֹי הָאט זִיא גֶעפִינֶען חֵן אִין זֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט דִיא גָאלְדֶענֶע רוּט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין זֵיינֶע הַאנְד צוּ אֶסְתֵּר, אוּנְד אֶסְתֵּר הָאט זִיךְ גֶענֶעהְנְט, אוּנְד זִיא הָאט אָנְגֶערִירְט אַן דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶער רוּט׃

3 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, וָואס ווִילְסְט דוּא, אֶסְתֵּר הַמַּלְכָּה? אוּנְד וָואס אִיז דֵיין בֶּעגֶער? וֶוען עֶס זָאל זֵיין בִּיז צוּ דִיא הֶעלְפְט פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ אַזוֹי זָאל עֶס צוּ דִיר גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען׃

4 אַזוֹי הָאט אֶסְתֵּר גֶעזָאגְט, אוֹיבּ עֶס גֶעפֶעלְט דֶעם מֶלֶךְ, אַזוֹי זָאל דֶער מֶלֶךְ אוּנְד הָמָן קוּמֶען הֵיינְט צוּ דֶער סְעוּדָה וָואס אִיךְ הָאבּ פַאר אִיהְם גֶע־מַאכְט׃

5 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט, (רוּפְט) גֶעשְׁווִינְד דֶעם הָמָן כְּדֵי עֶר זָאל טְהוּן אַזוֹי ווִיא אֶסְתֵּר הָאט גֶע־זָאגְט; אַזוֹי אִיז דֶער מֶלֶךְ גֶעקוּמֶען מִיט הָמָן צוּ דֶער סְעוּדָה וָואס אֶסְתֵּר הָאט גֶעמַאכְט׃

6 אוּנְד אוֹיף דֶער סְעוּדָה בֵּייא דֶעם וֵויין הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעזָאגְט צוּ אֶסְתֵּר, וָואס אִיז דֵיין פֶערְלַאנְגֶען? אוּנְד עֶס זָאל דִיר גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד וָואס אִיז דֵיין גֶעבֶּעט? אֲפִילוּ בִּיז צוּ דִיא הֶעלְפְט פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ זָאל עֶס צוּ דִיר גֶעטְהוּן וֶוערֶען׃

7 אַזוֹי הָאט אֶסְתֵּר גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, מֵיין פֶערְלַאנְגֶען אוּנְד מֵיין גֶעבֶּעט אִיז׃

8 אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען חֵן אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד וֶוען עֶס דֶעם קֶענִיג גֶעפֶעלְט צוּ גֶעבֶּען מֵיין גֶעבֶּעט אוּנְד צוּ טְהוּן מֵיין פֶערְלַאנְגֶען, אַזוֹי זָאל דֶער קֶענִיג קוּמֶען מִיט הָמָן צוּ דֶער סְעוּדָה וָואס אִיךְ וֶועל צוּ זֵייא מַאכֶען, אוּנְד מָארְגֶען וֶועל אִיךְ טְהוּן אַזוֹי ווִיא דֶער קֶענִיג הָאט גֶעזָאגְט׃

9 אוּנְד הָמָן אִיז אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פְרֵיילִיךְ אוּנְד מִיט

אַ גוּט הַארְץ, אָבֶּער װָען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען מָרְדְכַי אִין דֶעם טױעֶר פוּן דֶעם מֶלֶךְ אַז עֶר אִיז נִיט אױפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ נִיט אַמָאל פַאר אִיהְם גֶערִירְט, אַזױ אִיז הָמָן פוּל גֶעװָארֶען מִיט צָארְן קֶעגֶען מָרְדְכַי׃

10 אָבֶּער הָמָן הָאט זִיךְ אײַנְגֶעהַאלְטֶען, אוּנְד עֶר אִיז אַהֵיים גֶעקוּמֶען צוּ זֵיין הױז, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְד גֶעלָאזְט צוּזַאמֶען בְּרֶענְגֶען זֵיינֶע פְרֵיינְד אוּנְד זֶרֶשׁ זֵיין װַייבּ׃

11 אוּנְד הָמָן הָאט צוּ זַייא דֶערְצֵיילְט פוּן דֶעם כָּבוֹד אוּנְד זֵיין רֵייכְטוּם אוּנְד זֵיינֶע פִּיל זִיהְן, אוּנְד אַלֶעס אִין װָאס דֶער קֶענִיג הָאט אִיהְם גְרױס גֶעמַאכְט, אוּנְד װִיא עֶר הָאט אִיהְם דֶערְהױבֶּען אִיבֶּער דִיא פִירְשְׁטֶען אוּנְד דֶעם קֶענִיגְ'ס קְנֶעכְט׃

12 אוּנְד הָמָן הָאט װֵייטֶער גֶעזָאגְט, אַז אֶסְתֵּר הַמַּלְכָּה הָאט נִיט גֶעלָאזְט קֵיינֶעם אַרֵיינְקוּמֶען מִיט דֶעם קֶענִיג צוּ דֶער סְעוּדָה װָאס זִיא הָאט גֶעמַאכְט גֵייעֶרְט מִיךְ, אוּנְד אַפִּילוּ אױף מָארְגֶען בִּין אִיךְ אױךְ צוּ אִיהְר אֵיינְגֶעלַאדֶען מִיט דֶעם קֶענִיג׃

13 דָאךְ דָאס אַלֶעס הָאט גָאר קֵיין װֶערְט פַאר מִיר, אַזױ לַאנְג װִיא אִיךְ זֶעה מָרְדְכַי דֶעם יוּד זִיצֶען אִין דֶעם קֶענִיגְ'ס טױעֶר׃

14 אַזױ הָאט זֶרֶשׁ זֵיין װַייבּ אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע פְרֵיינְדֶע צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לָאז אַ תְּלִיָּה גֶעמַאכְט װֶערֶען פוּפְצִיג אֵיילֶען הױךְ, אוּנְד אִין דֶער פְרִיה זָאג צוּ דֶעם קֶענִיג אַז מָרְדְכַי זָאל אױף אִיהְם אױפְגֶעהַאנְגֶען װֶערֶען, דֶערְנָאךְ קֶענְסְט דוּא אַרֵיינְגֵיין מִיט דֶעם קֶענִיג מִיט אַ גוּט אוּנְד אַ פְרֵיילִיךְ הַארְץ צוּ דֶער סְעוּדָה; אוּנְד דִיא זַאךְ הָאט פַאר הָמָן גוּט גֶעפַאלֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא תְּלִיָּה׃

קאפיטעל ו

1 אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע נַאכְט הָאט דֶער קֶענִיג נִיט גֶעקָאנְט שְׁלָאפֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אַז מֶען זָאל בְּרֶענְגֶען דָאס סֵפֶר זִכְרוֹנוֹת פוּן דִיא טֶעגְלִיכֶע זַאכֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעװֶעזֶען פָארְגֶעלֶעזֶען פַאר דֶעם קֶענִיג׃

2 אוּנְד מֶען הָאט גֶעפוּנֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען דָאס װָאס מָרְדְכַי הָאט אָנְגֶעזָאגְט װֶעגֶען בִּגְתָן אוּנְד תֶרֶשׁ, דִיא צְװֵייא בֶּעדִינְטֶע פוּן דֶעם קֶענִיג, דִיא הִיטֶערְס פוּן דֶער טִיעֶר, װָאס הָאבֶּען גֶעזוּכְט זֵייעֶרֶע הֶענְד צוּ לֵייגֶען אָן דֶעם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ׃

3 אַזױ הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט, װָאס פַאר אַ כָּבוֹד אוּנְד גְרױסְקֵייט הָאט מֶען גֶעטְהוּן צוּ מָרְדְכַי װֶעגֶען דֶעם? אוּנְד דִיא בֶּעדִינְטֶע פוּן דֶעם קֶענִיג הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס אִיז מִיט אִיהְם גָאר קֵיין שׁוּם זַאךְ נִיט גֶעטְהוּן גֶעװָארֶען׃

4 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעזָאגְט, װֶער אִיז אִין דֶעם הױף? אוּנְד הָמָן אִיז גְרָאד אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם אױסֶערְװֵיינִיגְסְטֶען הױף פוּן דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען הױז, כְּדֵי דֶעם קֶענִיג אָנְצוּזָאגֶען אַז מֶען זָאל דֶעם מָרְדְכַי אױפְהֶענְגֶען אױף דֶער תְּלִיָּה װָאס עֶר הָאט פַאר אִיהְם אָנְגֶעבְּרֵייט׃

5 אַזױ הָאבֶּען דֶעם קֶענִיגְ'ס בֶּעדִינְטֶע צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, הָמָן שְׁטֵייט אִין דֶעם הױף, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט, לָאז עֶר אַרֵיינְקוּמֶען׃

6 אַזױ אִיז הָמָן אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד

דער קעניג האט צו איהם געזאגט, וואס זאל מען טהון צו דעם מאן וואס דער קעניג פערלאנגט איהם כבוד אנצוטהון? אזוי האט המן געטראכט אין זיין הארץ, וועמען וויל דער קעניג מעהר כבוד אנטהון וויא מיר?

7 אזוי האט המן געזאגט צו דעם קעניג, לאז פאר דעם מאן וועמען דער קעניג האט א פערלאנגען כבוד אנצוטהון:

8 לאזען געבראכט ווערען דיא קעניגליכע קליידער וואס דער קעניג איז דערמיט אנגעקלייד, אונד דאס פערד אויף וועלכעס דער קעניג רייט, אונד אויך דיא קעניגליכע קרוין וואס איז אויף זיין קאפ:

9 אונד לאזען דיא קליידער אונד דאס פערד איבערגעגעבען ווערען אין דיא האנד פון איינעם פון דיא (גרעסטע) פירשטען פון דעם קעניג, אונד ער זאל אנקליידען דעם מאן וועמען דער קעניג בעגעהרט כבוד אנצוטהון, אונד מען זאל איהם מאכען רייטען אויף דעם פערד דורך דיא גאסען פון דער שטאט, אונד מען זאל פאר איהם אויסרופען, אזוי זאל עס געטהון ווערען צו דעם מאן וועמען דער קעניג בעגעהרט כבוד אנצוטהון!

10 אונד דער קעניג האט געזאגט צו המן, נעם געשווינד דאס קלייד אונד דאס פערד אזוי וויא דוא האסט גערעדט, אונד טהוא אזוי צו מרדכי דעם יוד וואס זיצט אין דעם קעניג'ס טויער, דוא זאלסט גארניט אפלאזען פון אלעם וואס דוא האסט גערעדט:

11 אזוי האט המן גענומען דאס קלייד אונד דאס פערד, אונד ער האט דעם מרדכי אנגעקלייד, אונד ער האט איהם געמאכט רייטען דורך דיא גאסען פון דער שטאט, אונד ער האט פאר איהם אויסגערופען, אזוי זאל געטהון ווערען צו דעם מאן וועמען דער קעניג בעגעהרט כבוד אנצו־טהון!

12 אונד מרדכי איז צוריקגעקומען צו דעם קעניג'ס טויער, אבער המן האט זיך געאיילט אהיים צוגיין צו זיין הויז וויא איין אבל אונד מיט א צוגעדעק־טען קאפ:

13 אונד המן האט דערצייהלט צו זיין ווייב זרש אונד צו אלע זיינע פריינדע אלעס וואס האט זיך צו איהם געטראפען, אונד אזוי האבען זיינע קלוגע לייט אונד זיין ווייב זרש צו איהם געזאגט, ווען מרדכי איז פון דיא יודישע קינדער. אונד אז דוא האסט אנגעהויבען פאר איהם צו פאלען, אזוי וועסט דוא איהם ניט בייקומען, נייערט דוא וועסט אים גאנצען פאלען פאר איהם:

14 אבער ווייל זייא האבען נאך מיט איהם גערעט, אזוי זענען דיא בעדינ־טע פון דעם קעניג אנגעקומען, אונד זייא האבען זיך געאיילט המן צו ברענגען צו דער סעודה וואס אסתר האט געמאכט:

## קאפיטעל ז

1 אונד דער קעניג אונד המן זענען געקומען צו טרינקען מיט אסתר המלכה:

2 אזוי האט דער קעניג אויך געזאגט צו אסתר אן דעם צווייטען טאג בייא דער סעודה פון וויין, וואס איז דיין פערלאנגען, אסתר המלכה? אונד עס

זָאל דִיר גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד וָואס אִיז דַיין גֶעבֶּעט?–אַפִּילוּ בִּיז צוּ דֶער הֶעלְפְט פוּן דֶעם מַלְכוּת עֶס זָאל צוּ דִיר גֶעטְהוּן וֶוערֶען:

3 אוּנְד אֶסְתֵּר הַמַלְכָּה הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען חֵן אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד וֶוען עֶס גֶעפֶעלְט דֶעם קֶענִיג, אַזוֹי זָאל מִיר מֵיין לֶעבֶּען גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען נָאךְ מֵיין פֶערְלַאנְגֶען, אוּנְד מֵיין פָאלְק נָאךְ מֵיין גֶעבֶּעט:

4 וָוארִין מִיר,–אִיךְ אוּנְד מֵיין פָאלְק זֶענֶען פֶערְקוֹיפְט כְּדֵי פֶערְטִילְגְט אוּנְד אוּמְגֶעבְּרַאכְט אוּנְד פֶערְלוֹירֶען צוּ וֶוערֶען–וֶוען מִיר הֶעטֶען גֶעזָאלְט פֶערְקוֹיפְט וֶוערֶען פַאר קְנֶעכְט אוּנְד פַאר דִינְסְט־מֵיידֶען אַזוֹי וָואלְט אִיךְ גֶעשְׁוִויגֶען, חָאטְשֶׁע דֶער פֵיינְד הָאט קֵיין גְלֵייכֶען וֶוערְט אִין דֶעם שָׁאדֶען פוּן דֶעם קֶענִיג:

5 אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ אֶסְתֵּר הַמַלְכָּה, וֶוער אִיז דָאס דֶער דָאזִיגֶער? אוּנְד וֶוער אִיז עֶר וָואס הָאט זַיין הַארְץ פוּל גֶעמַאכְט אַזָאלְכֶעס צוּ טְהוּן?

6 אוּנְד אֶסְתֵּר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער גְרוֹיסֶער פֵיינְד אִיז דֶער דָאזִיגֶער שְׁלֶעכְטֶער מַאן דֶער הָמָן, אַזוֹי הָאט זִיךְ הָמָן (שְׁטַרְאק) דֶערְשְׁרָאקֶען פַאר דֶעם מֶלֶךְ אוּנְד דִיא מַלְכָּה:

7 אוּנְד דֶער קֶענִיג אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין זַיין גְרִימְצָארְן פוּן דֶער סְעוּדָה אוּנְד וַויין, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם גָארְטֶען פוּן דֶעם פַּאלַאסְט, אוּנְד הָמָן אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען כְּדֵי צוּ בֶּעטֶען פַאר זַיין לֶעבֶּען פוּן אֶסְתֵּר הַמַלְכָּה, וָוארִין עֶר הָאט אֵיינְגֶעזֶעהֶען אַז אֵיין אוּמְגְלִיק אִיז אִיבֶּער אִיהְם בֶּעשְׁטִימְט פוּן דֶעם קֶענִיג:

8 אוּנְד וֶוען דֶער קֶענִיג אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם גָארְטֶען פוּן דֶעם פַּאלַאסְט צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶער סְעוּדָה פוּן וַויין, אַזוֹי אִיז הָמָן גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶעם בֶּעט וְואוּ אֶסְתֵּר אִיז דַארוֹיף גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעזָאגְט, וִוילְסְט דוּא אוֹיךְ בֶּעצְוִוינְגֶען דִיא מַלְכָּה וָואס אִיז בֵּייא מִיר אִין דֶעם הוֹיז? אַזוֹי וִויא דָאס וָוארְט אִיז נָאר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ'ס מוֹיל אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא בֶּעדֶעקְט הָמָן'ס פָּנִים:

9 אוּנְד חַרְבוֹנָה אֵיינֶער פוּן דִיא בֶּעדִינְטֶע, הָאט גֶעזָאגְט פַאר דֶעם מֶלֶךְ, יוּא, אַפִּילוּ אַ תְּלִיָה הָאט הָמָן אוֹיךְ גֶעמַאכְט פַאר מָרְדְכַי, וָואס הָאט נָאר גוּטֶעס גֶערֶעדט וֶועגֶען דֶעם מֶלֶךְ, דָאס שְׁטֵייט אִין הָמָן'ס הוֹיז, פוּפְצִיג אֵיילֶען הוֹיךְ, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט, הֶענְגְט אִיהְם (אַלֵיין) דַארוֹיף:

10 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא דֶעם הָמָן אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען אוֹיף דֶער תְּלִיָה וָואס עֶר הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר מָרְדְכַי–אוּנְד אַזוֹי אִיז דֶער צָארְן פוּן דֶעם מֶלֶךְ גֶעשְׁטִילְט גֶעוָוארֶען:

## קאפיטעל ח

1 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג הָאט דֶער מֶלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ גֶעגֶעבֶּען צוּ אֶסְתֵּר הַמַלְכָּה דָאס הוֹיז פוּן הָמָן דֶעם פֵיינְד פוּן דִיא יוּדֶען, אוּנְד מָרְדְכַי אִיז גֶעקוּמֶען פַאר דֶעם מֶלֶךְ, וָוארִין אֶסְתֵּר הָאט אִיהְם אָנְגֶעזָאגְט וָואס עֶר אִיז צוּ אִיהְר:

2 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט אָפְּגֶעטְהוּן

זַיין רִינג וָואס עֶר הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען
פוּן הָמָן אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען
צוּ מָרְדְכַי, אוּנְד אֶסְתֵּר הָאט מָרְדְכַי'ן
גֶעזֶעצְט אִיבֶּער הָמָן'ס הויז:
3 אוּנְד אֶסְתֵּר הָאט נָאכְאַמָאל גֶערֶעדְט
פַאר דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד זִיא אִיז אַנִיר־
דֶערְגֶעפַאלֶען פַאר זַיינֶע פִיס אוּנְד זִיא
הָאט גֶעוויינְט, אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען כְּדֵי אָפְּצוּטְהוּן דָאס שְׁלֶעכְטֶע
פוּן הָמָן דֶעם אֲגָגִי, אוּנְד זַיינֶע בֵּייזֶע
גֶעדַאנְקֶען וָואס עֶר הָאט גֶעטְרַאכְט
קֶעגֶען דִיא יוּדֶען:
4 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט
צוּ אֶסְתֵּר דִיא גָאלְדֶענֶע רוּט, אוּנְד
אֶסְתֵּר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד זִיא
הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פַאר דֶעם קֶענִיג:
5 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען עֶס
דֶעם קֶענִיג גֶעפֶעלְט, אוּנְד וֶוען אִיךְ
הָאבּ גֶעפִינֶען חֵן פַאר אִיהְם, אוּנְד דִיא
זַאךְ אִיז רֶעכְט פַאר דֶעם קֶענִיג אוּנְד
וֶוען אִיךְ גֶעפֶעל אִיהְם אִין זַיינֶע אוֹיגֶען,
אַזוֹי לָאז דָאךְ גֶעשְׁרִיבֶּען וֶוערֶען צוּרִיק־
צוּקֶעהְרֶען דִיא בְּרִיף וָואס הָמָן בֶּן־
הַמְּדָתָא דֶער אֲגָגִי הָאט אוֹיסְגֶעטְרַאכְט,
אוּנְד וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען כְּדֵי
דִיא יוּדֶען צוּ פֶערְטִילְגֶען וָואס זֶענֶען
אִין אַלֶע מְדִינוֹת פוּן דֶעם מֶלֶךְ:
6 וָוארִין, וִויא קֶען אִיךְ אוֹיסְהַאלְטֶען
אוּנְד אָנְזֶעהֶען דָאס שְׁלֶעכְטֶע וָואס
וֶועט מֵיין פָאלְק אָנְטְרֶעפֶען, אוּנְד וִויא
וֶועל אִיךְ קֶענֶען אָנְזֶעהֶען אַז מֵיינֶע
מִשְׁפָּחָה זָאל אוּמְקוּמֶען?
7 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ גֶע־
זָאגְט צוּ אֶסְתֵּר הַמַּלְכָּה אוּנְד צוּ
מָרְדְכַי דֶעם יוּד, זֶעה הָמָן'ס הויז הָאבּ
אִיךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ אֶסְתֵּר אוּנְד אִיהְם
הָאבֶּען זַייא אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען אוֹיף דֶער
תְּלִיָה, ווייל עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט
זַיינֶע הַאנְד אַן דִיא יוּדֶען:
8 אַזוֹי שְׁרֵייבְּט אִיהְר אוֹיךְ פוּן וֶועגֶען
דִיא יוּדֶען אַזוֹי וִויא עֶס גֶעפֶעלְט אֵייךְ,
אִין דֶעם מֶלֶךְ'ס נָאמֶען, אוּנְד פֶערְ־
זִיגֶעלְט עֶס מִיט דֶעם מֶלֶךְ'ס רִינְג,
וָוארִין דָאס גֶעשְׁרִיפְט וָואס וֶוערְט גֶע־
שְׁרִיבֶּען אִין דֶעם מֶלֶךְ'ס נָאמֶען אוּנְד
וָואס וֶוערְט פֶערְזִיגֶעלְט מִיט דֶעם
מֶלֶךְ'ס רִינְג וֶוערְט נִיט מֶעהְר צוּרִיקְ־
גֶענוּמֶען:
9 אַזוֹי הָאבֶּען זַייא צוּזַאמֶען גֶערוּפֶען
דֶעם מֶלֶךְ'ס שְׁרֵייבֶּערְס אִין דֶער זֶעלְ־
בִּיגֶער צֵייט אִין דֶעם דְרִיטֶען חוֹדֶשׁ,
דָאס אִיז דֶער חוֹדֶשׁ סִיוָן, אִין דֶעם
דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶען טָאג, אוּנְד
מֶען הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אַלֶעס וָואס מָרְדְכַי
הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ דִיא יוּדֶען אוּנְד צוּ
דִיא פִירְשְׁטֶען אוּנְד צוּ דִיא גְרַאפֶען
אוּנְד דִיא לַאנְד־הֶערֶען וָואס זֶענֶען
פוּן הוֹדוּ בִּיז כּוּשׁ, הוּנְדֶערְט אוּנְד
זִיבֶּען אוּנְד צְוַואנְצִיג לֶענְדֶער, צוּ
אִיטְלִיכֶען לַאנְד נָאךְ זַיירֶע שְׁרִיפְט,
אוּנְד צוּ אִיטְלִיכֶען פָאלְק נָאךְ זַיירֶע
שְׁפְּרַאךְ, אוּנְד צוּ דִיא יוּדֶען נָאךְ זַיירֶע
שְׁרִיפְט אוּנְד נָאךְ זַייעֶר לָשׁוֹן:
10 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין
דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ,
אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעחַתְמְ'ת מִיט
דֶעם קֶענִיגְ'ס רִינְג, אוּנְד עֶר הָאט
אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט דִיא בְּרִיף דוּרְךְ דִיא
לוֹיפֶערְס אוֹיף דִיא פֶערְד, אוּנְד רֵייִ־
טֶער אוֹיף דִיא גֶעשְׁווִינְדֶע חַיוֹת,
קַאמֶעלֶען אוּנְד רֶענְטִירֶען:
11 וֶועלְכֶע דֶער קֶענִיג הָאט גֶעגֶעבֶּען
צוּ דִיא יוּדֶען וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין
אִיטְלִיכֶע שְׁטָאט, אַז זַייא זָאלֶען זִיךְ

פֶערְזַאמֶעלְן אוּנְד שְׁטֵיין וֶועגֶען זֵייעֶר
לֶעבֶּען, כְּדֵי צוּ פֶערְטִילְגֶען אוּנְד
צוּ הַרְגְנ'ן אוּנְד אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען דָאס
גַאנְצֶע הַיִל פוּן דֶעם פָאלְק אוּנְד
מְדִינָה וָואס וָואלְטֶען זֵייא פֵיינְד
הָאבֶּען, יוּנְגֶע קִינְדֶער אוּנְד ווייבֶּער,
אוּנְד אִיהְר פֶערְמֶעגֶען צוּ רוֹיבֶּען:
12 אִין אֵיין טָאג, אִין אַלֶע מְדִינוֹת
פוּן דֶעם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, אִין דֶעם
דְרֵייצֶענְטֶען טָאג פוּן דֶעם צְוֶועלְפְטֶען
חוֹדֶשׁ, דָאס אִיז דֶער חוֹדֶשׁ אֲדָר:
13 דִיא אָפְּשְׁרִיפְט פוּן דֶער שְׁרִיפְט
אִיז אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אַלְס אַ
בֶּעפֶעהְל אִין אִיטְלִיכֶע מְדִינָה, עֶס אִיז
עֶנְטפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער,
אַז דִיא יוּדֶען זָאלֶען זֵיין פָארְגֶעבְּרֵייט צוּ
דֶעם דָאזִיגֶען טָאג כְּדֵי זִיךְ נוֹקֵם צוּ
זֵיין אָן זֵייעֶרֶע פֵיינְד:
14 אַזוֹי זֶענֶען דִיא לוֹיפֶערְס וָואס
רֵייטֶען אוֹיף דִיא רֶענְטִירֶען אוּנְד
קֶעמֶעלְן אֵיילֶענְדִיג אוּנְד גֶעשְׁווינְד
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, מִיט דֶעם קֶענִיג'ס
בֶּעפֶעהְל, אוּנְד דָאס גֶעזֶעץ אִיז
אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אִין דֶער
הוֹיפְּט־שְׁטָאט פוּן שׁוּשַׁן:
15 אוּנְד מָרְדְּכַי אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
פוּן פַאר דֶעם קֶענִיג, אִין קֶענִיגְלִיכֶע
קְלֵיידֶער פוּן בְּלוֹיעֶ־וָואל אוּנְד זֵיידֶענְ־
צֵייג, אוּנְד מִיט אַ גְרוֹיסֶע גָאלְדֶענֶע
קְרוֹין, אוּנְד מִיט אַ מַאנְטֶעל פוּן פֵיינֶע
לֵיינֶען אוּנְד פּוּרְפּוּר, אוּנְד דִיא שְׁטָאט
שׁוּשַׁן הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייט אוּנְד אִיז
גֶעוֶועזֶען פְרֵייליךְ:
16 צוּ דִיא יוּדֶען אִיז גֶעוֶועזֶען לִיכְט
אוּנְד אַ שִׂמְחָה, אוּנְד אַ פְרֵייד אוּנְד
עֶהְר:
17 אוּנְד אִין אִיטְלִיכֶע מְדִינָה, אוּנְד
אִין אִיטְלִיכֶע שְׁטָאט אוּנְד אָרְט וְואוּ
דָאס גֶעזֶעץ אוּנְד דֶער בֶּעפֶעהְל פוּן
דֶעם קֶענִיג אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, אִיז גֶעוֶ־
וֶועזֶען אַ שִׂמְחָה אוּנְד פְרֵייד צוּ דִיא
יוּדֶען, אוּנְד אַ סְעוּדָה אוּנְד אַ יוֹם
טוֹב, אוּנְד פִילֶע פוּן דִיא פֶעלְקֶער פוּן
דֶעם לַאנְד זֶענֶען גֶעוָוארֶען יוּדֶען,
וָוארִין דִיא פָארְכְט פוּן דִיא יוּדֶען אִיז
אִיבֶּער זֵייא גֶעפַאלֶען:

## קאפיטעל ט

1 אוּנְד אִין דֶעם צְוֶועלְפְטֶען חוֹדֶשׁ,
דָאס אִיז דֶער חוֹדֶשׁ אֲדָר, אִין דֶעם
דְרֵייצֶעהְנְטֶען טָאג, וֶוען דֶעם קֶענִיג'ס
בֶּעפֶעהְל אוּנְד זֵיין גֶעזֶעץ הָאט אָנְגֶעְ־
גְרֵייכְט כְּדֵי עֶס זָאל בֶּעשְׁטֶעטִיגְט
וֶוערֶען, אִין דֶעם טָאג וֶוען דִיא פֵיינְד
פוּן דִיא יוּדֶען הָאבֶּען גֶעהָאפְט צוּ
גֶעוֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער זֵייא, אָבֶּער עֶס
הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, וָוארִין דִיא
יוּדֶען, זֵייא הָאבֶּען גֶעוֶועלְטִיגְט אִיבֶּער
זֵייעֶרֶע פֵיינְד:
2 דִיא יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט
אִין זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט אִין אַלֶע מְדִינוֹת פוּן
דֶעם מֶלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, כְּדֵי זֵייעֶרֶע הֶענְד
צוּ לֵייגֶען אַן זָאלְכֶע וָואס הָאבֶּען גֶע־
זוּכְט זֵייעֶר שְׁלֶעכְטֶעס, אוּנְד קֵיין
אֵיינְצִיגֶער הָאט נִיט גֶעקֶענְט פַאר זֵייא
בֶּעשְׁטֵיין, וָוארִין זֵייעֶרֶע פָארְכְט אִיז
גֶעפַאלֶען אִיבֶּער אַלֶע פֶעלְקֶער:
3 אוּנְד אַלֶע הַארֶען פוּן דִיא מְדִינוֹת
אוּנְד דִיא גְרַאפֶען אוּנְד דִיא גוּבֶּערְ־
נַאטָרְס וָואס טְהוּעֶן דֶעם מֶלֶךְ'ס מְלָאכָה
הָאבֶּען גֶעהָאלְפֶען דִיא יוּדֶען, וָוארִין
דִיא פָארְכְט פוּן מָרְדְּכַי אִיז אִיבֶּער
זֵייא גֶעפַאלֶען:
4 וָוארִין מָרְדְּכַי אִיז גְרוֹיס גֶעוֶועזֶען
אִין דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיז, אוּנְד זֵיין

שֵׁם אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין אַלֶע
מְדִינוֹת, וָוארִין דֶער מַאן מָרְדְּכַי אִיז
אַלֶע מָאל גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען׃
5 אוּנְד דִיא יוּדֶען הָאבֶּען דֶערשְׁלָאגֶען
אַלֶע זֵיירֶע פֵיינְד מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד,
אוּנְד גֶעהַרְגֶעט אוּנְד פֶערְטִילְגְט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן אַן זֵיירֶע פֵיינְד
נָאךְ זֵייעֶר ווִילֶען׃
6 אוּנְד אִין דֶער הוֹיפְּט־שְׁטָאט שׁוּשַׁן
הָאבֶּען דִיא יוּדֶען גֶעהַרְגֶעט אוּנְד אוּמְ־
גֶעבְּרַאכְט פִינְף הוּנְדֶערְט מַאן׃

7 אוּנְד פַּרְשַׁנְדָּתָא אוּנְד דַלְפוֹן אוּנְד אַסְפָּתָא׃
8 אוּנְד פוֹרָתָה אוּנְד אֲדַלְיָא אוּנְד אֲרִידָתָא׃
9 אוּנְד פַּרְמַשְׁתָּא אוּנְד אֲרִיסַי אוּנְד אֲרִידַי
אוּנְד וַיְזָתָא׃

10 דִיא צֶעהְן זִיהְן פוּן הָמָן בֶּן־הַמְדָתָא
דֶער פֵיינְד פוּן דִיא יוּדֶען, הָאבֶּען זֵייא
דֶערשְׁלָאגֶען, אָבֶּער אַן דֶעם זַאקְרוֹיב
הָאבֶּען זֵייא נִיט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיירֶע
הֶענְד׃
11 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אִיז דִיא
צָאהְל פוּן דִיא דֶערשְׁלָאגֶענֶע אִין דֶער
הוֹיפְּט־שְׁטָאט שׁוּשַׁן פָארְגֶעקוּמֶען פַאר
דֶעם מֶלֶךְ׃
12 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אֶסְתֵּר הַמַלְכָּה, אִין דֶער הוֹיפְּט־שְׁטָאט
שׁוּשַׁן הָאבֶּען דִיא יוּדֶען דֶערשְׁלָאגֶען
אוּנְד אוּמְגֶעבְּרַאכְט פִינְף הוּנְדֶערְט מַאן
אוּנְד (אוֹיךְ) דִיא צֶעהְן זִיהְן פוּן הָמָן,
וָואס הָאט מֶען גֶעטְהוּן אִין דִיא אִיבְּ־
רִיגֶע מְדִינוֹת פוּן דֶעם מֶלֶךְ? אוּנְד
(אַצוּנְד) וָואס אִיז דַיין פֶערְלַאנְגֶען?
וָוארִין עֶס זָאל צוּ דִיר גֶעגֶעבֶּען ווֶערֶען,
אוּנְד וָואס אִיז נָאךְ מֶעהר דַיין גֶעבֶּעט?
אוּנְד עֶס זָאל גֶעטְהוּן ווֶערֶען׃
13 אַזוֹי הָאט אֶסְתֵּר גֶעזָאגְט, ווֶען עֶס
גֶעפֶעלְט דֶעם קֶענִיג אַזוֹי זָאל מֶען
אוֹיךְ מָארְגֶען דֶערְלוֹיבֶּען דִיא יוּדֶען צוּ
טְהוּן אִין שׁוּשַׁן נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ פוּן
דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג, אוּנְד מֶען זָאל
הָמָן'ס צֶעהְן זִיהְן אוֹיפְהֶענְגֶען אוֹיף
דֶער תְּלִיָה׃
14 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט אַז
עֶס זָאל אַזוֹי גֶעטְהוּן ווֶערֶען, אוּנְד עֶס
אִיז אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען פַאר אַ
גֶעזֶעץ אִין שׁוּשַׁן, אוּנְד מֶען הָאט
הָמָן'ס צֶעהְן זִיהְן אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען׃
15 אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא יוּדֶען וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין שׁוּשַׁן אוֹיךְ פֶערְ־
זַאמֶעלְט אָן דֶעם פִירְצֶעהְנְטֶען טָאג
פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ אֲדָר, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
דֶערשְׁלָאגֶען דְרֵייא הוּנְדֶערְט מַאן,
אָבֶּער אָן דֶעם זַאקְרוֹיב הָאבֶּען זֵייא
נִיט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיירֶע הֶענְד׃
16 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע יוּדֶען וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דִיא מְדִינוֹת פוּן
דֶעם קֶענִיג הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶען פֶערְ־
זַאמֶעלְט אוּנְד זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פַאר
זֵייעֶר לֶעבֶּען, כְּדֵי זִיךְ רוּה צוּ פֶערְ־
שַׁאפֶען פוּן זֵיירֶע פֵיינְד, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען דֶערשְׁלָאגֶען פִינְף אוּנְד זִיבֶּעצִיג
טוֹיזֶענְד פוּן זֵיירֶע פֵיינְד, אָבֶּער אָן
זֵייעֶר זַאקְרוֹיב הָאבֶּען זֵייא נִיט אוֹיסְ־
גֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיירֶע הֶענְד׃
17 אַן דֶעם דְרֵייצֶענְטֶען טָאג פוּן
דֶעם חוֹדֶשׁ אֲדָר; אוּנְד אַן דֶעם
פִירְצֶענְטֶען טָאג הָאבֶּען זֵייא גֶערוּהְט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶעמְזֶעלְבֶּען גֶעמַאכְט
אַ טָאג פוּן אַ סְעוּדָה אוּנְד שִׂמְחָה׃

אונד

18 אוּנְד דִיא יוּדֶען וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אִין שׁוּשַׁן הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶּען
פֶּערְזַאמֶּעלְט אַן דֶעם דְרֵייצֶענְטֶען טָאג
אוּנְד אַן דֶעם פִּירְצֶענְטֶען טָאג פוּן
דֶעם (חוֹדֶשׁ), אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוּהְט
אַן דֶעם פוּפְצֶענְטֶען טָאג, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעמַאכְט אַ טָאג פוּן אַ
סְעוּדָה אוּנְד שִׂמְחָה:
19 דַארוּם הָאבֶּען דִיא יוּדֶען וָואס
הָאבֶּען גֶעווְאוֹינְט אִין דִיא דֶערְפֶער
אוּנְד אִין אָפֶּענֶע שְׁטֶעט גֶעמַאכְט אִין
דֶעם פִּירְצֶענְטֶען טָאג פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ
אֲדָר אַ שִׂמְחָה אוּנְד אַ סְעוּדָה אוּנְד אַ
יוֹם טוֹב, אוּנְד הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשִׁיקְט
מַתָּנוֹת אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן:
20 אוּנְד מָרְדְכַי הָאט אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע
זַאכֶען אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען בְּרִיף צוּ אַלֶע יוּדֶען
וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין אַלֶע מְדִינוֹת
פוּן דֶעם מֶלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ צוּ דִיא וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען נָאהֶענְט אוּנְד וֵוייט:
21 כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אוֹיף זִיךְ גֶעמֶען
אוּנְד הַאלְטֶען דֶעם פִּירְצֶענְטֶען טָאג
אוּנְד דֶעם פוּפְצֶענְטֶען טָאג פוּן דֶעם
חוֹדֶשׁ אֲדָר אִין אִיטְלִיכֶען יָאהְר (אַ
יוֹם טוֹב):
22 אַזוֹי וִויא דִיא טֶעג אִין וֶועלְכֶע
דִיא יוּדֶען הָאבֶּען גֶעהַאט רוּה פוּן
זֵייעֶרֶע פֵּיינְד, אוּנְד דֶער חוֹדֶשׁ וָואס אִיז
פֶּערְקֶעהְרְט גֶעוָוארֶען צוּ זֵייא פוּן
טְרוֹיעֶרִיגְקֵייט צוּ אַ פְרֵייד, אוּנְד פוּן אַ
טְרוֹיעֶר צוּ אַ יוֹם טוֹב, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען
זֵייא מַאכֶען טֶעג פוּן סְעוּדוֹת אוּנְד
שִׂמְחָה, אוּנְד זָאלֶען שִׁיקֶען חֲלָקִים
אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד מַתָּנוֹת
צוּ דִיא אָרֶעמֶע לֵייט:
23 אוּנְד דִיא יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אוּנְ־
טֶערְגֶענוּמֶען צוּ טְהוּן אַזוֹי וִויא זֵייא
הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנְד אַזוֹי וִויא
מָרְדְכַי הָאט צוּ זֵייא גֶעשְׁרִיבֶּען:
24 וָוארִין הָמָן בֶּן־הַמְדָתָא דֶער אֲגָגִי,
דֶער פֵּיינְד פוּן אַלֶע יוּדֶען, הָאט
גֶעטְרַאכְט דִיא יוּדֶען אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעוָוארְפֶען גוֹרָל, כְּדֵי
זֵייא אִים גַאנְצֶען צוּ פֶערְטִילְגֶען:
25 אָבֶּער וֶוען אֶסְתֵּר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
פַאר דֶעם מֶלֶךְ אַזוֹי הָאט עֶר בֶּע־
פוֹילֶען דוּרְךְ בְּרִיף אוּמְצוּקֶעהְרֶען דִיא
בֵּייזֶע גֶעדַאנְקֶען וָואס הָמָן הָאט אוֹיסְ־
גֶעטְרַאכְט וֶועגֶען דִיא יוּדֶען אוֹיף זֵיין
אֵייגֶענֶעם קָאפּ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן
אוֹיף דֶער תְּלוּיָה:
26 דָארִיבֶּער הָאט מֶען גֶערוּפֶען דִיא
דָאזִיגֶע טֶעג פּוּרִים, פוּן וֶועגֶען דֶעם
נָאמֶען פוּן פּוּר, דָארוּם זֶענֶען אַלֶע
דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם דָאזִיגֶען בְּרִיף,
אוּנְד פוּן וֶועגֶען דָאס וָואס מֶען הָאט
גֶעזֶעהֶען אוּנְד וָואס אִיז צוּ זֵייא
אָנְגֶעקוּמֶען דֶערְפַאר:
27 דִיא יוּדֶען הָאבֶּען דָאס אוֹיף זִיךְ
אָנְגֶענוּמֶען אוּנְד אוֹיף זֵייעֶרֶע קִינְדֶער,
אוּנְד פַאר אַלֶע וָואס וֶועלֶען זִיךְ צוּ
זֵייא בֶּעהֶעפְטֶען, כְּדֵי מֶען זָאל נִיט
עוֹבֵר זֵיין צוּ הַאלְטֶען דִיא דָאזִיגֶע
צְווֵייא טֶעג, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעשְׁרִי־
בֶּען גֶעוָוארֶען, אִין זֵייעֶרֶע צֵייטֶען אִין
אִיטְלִיכֶען יָאהְר:
28 אוּנְד אַז מֶען זָאל אַן דִיא דָאזִיגֶע
טֶעג גֶעדֶענְקֶען אוּנְד זָאלֶען גֶעהַאלְטֶען
וֶוערֶען אִין אִיטְלִיכֶען דוֹר, פוּן אִיטְלִיכֶער
מִשְׁפָּחָה, אוּנְד אִין אִיטְלִיכֶע מְדִינָה
אוּנְד שְׁטָאט; אוּנְד אַז מֶען זָאל נִיט
לָאזֶען אִיבֶּערְגֵיין (עוֹבֵר זֵיין) דֶעם

פּוּרִים פוּן צְווִישֶׁען דִיא יוּדֶען, אוּנְד דָאס גֶעדֶעכְטְנִיס דֶערְפוּן זָאל קֵיין סוֹף הָאבֶּען פוּן זֵייעֶרֶע קִינְדֶער׃

29 אוּנְד אֶסְתֵּר הַמַלְכָּה, דִיא טָאכְטֶער פוּן אֲבִיחַיִל, אוּנְד מָרְדֳכַי דֶער יוּד הָאבֶּען גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט שְׁטַארְקְהֵייט כְּדֵי צוּ בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען דֶעם דָאזִיגֶען צְווֵייטֶען בְּרִיף פוּן פּוּרִים׃

30 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט בְּרִיף צוּ אַלֶע יוּדֶען, אִין דִיא הוּנְדֶערְט אוּנְד זִיבֶּען אוּנְד צְוַאנְצִיג מְדִינוֹת פוּן דֶעם מֶלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, מִיט וֶוערְטֶער פוּן שָׁלוֹם אוּנְד אֱמֶת׃

31 מְקַיֵים צוּ זַיין דִיא דָאזִיגֶע טֶעג פוּן פּוּרִים אִין זֵייעֶרֶע צֵייטֶען, אַזוֹי וִויא מָרְדֳכַי דֶער יוּד אוּנְד אֶסְתֵּר הַמַלְכָּה הָאבֶּען אִיבֶּער זֵייא בֶּעשְׁטֶעטִיגְט, אוּנְד אַזוֹי וִויא זֵייא הָאבֶּען אוֹיף זִיךְ אַלֵיין בֶּעשְׁטֶעטִיגְט אוּנְד אוֹיף זֵייעֶרֶע קִינְדֶער דִיא זַאכֶען וֶועגֶען דֶעם פַאסְטֶען אוּנְד וֶועגֶען זֵייעֶר גֶעשְׁרֵייא׃

32 אוּנְד דוּרְךְ דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן אֶסְתֵּר אִיז דִיא זַאךְ פוּן דֶעם דָאזִיגֶען פּוּרִים בֶּעשְׁטֶעטִיגְט גֶעוָוארֶען אוּנְד אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ׃

## קַאפִּיטֶעל י

1 אוּנְד דֶער קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ הָאט אוֹיפְגֶעלֵייגְט מַס אוֹיף דֶעם לַאנְד אוּנְד אוֹיף דִיא אִינְזֶעלְן פוּן דֶעם יָם׃

2 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה פוּן זֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט אוּנְד זֵיינֶע גְבוּרָה, אוּנְד דִיא גְרוֹיסְקֵייט פוּן מָרְדֳכַי, וִויא דֶער קֶענִיג הָאט אִיהְם דֶערְהוֹיבֶּען, זֶענֶען זֵייא נִיט אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דִיא דִבְרֵי הַיָמִים, פוּן דִיא קֶעְ־נִיגֶע פוּן מָדַי אוּנְד פָּרַס?

3 וָוארִין מָרְדֳכַי דֶער יוּד אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער צְווֵייטֶער צוּ דֶעם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, אוּנְד גְרוֹיס צוּ דִיא יוּדֶען, אוּנְד אִיז אָנְגֶענוּמֶען גֶעוֶועזֶען צוּ פִילֶע פוּן זֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזוּכְט דָאס גוּטֶע פוּן זַיין פָאלְק, אוּנְד גֶערֶעדְט שָׁלוֹם צוּ אַלֶע זֵיינֶע קִינְדֶער׃

# חזק

אַלע פסוקים פֿון מגלת אסתר זענען, איין הונדערט אונד זיבען אונד זעכציג; דיא העלפֿט דערפֿון איז קאַפּיטעל ה׳ פסוק ז;
אונד האט אים גאנצען צעהן קאַפּיטלעך׃

# ספר דניאל

## קאפיטעל א

1 אִין דֶעם דְרִיטֶען יָאהְר פוּן דֶער
רֶעגִירוּנְג צוּן יְהוֹיָקִים מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה,
אִיז נְבוּכַדְנֶאצַר מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל גֶעקוּמֶען
נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶר הָאט זִיא
בֶּעלַאגֶערְט:
2 אוּנְד גָאט הָאט אִין זַיינֶע הַאנְד
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דֶעם יְהוֹיָקִים מֶלֶךְ פוּן
יְהוּדָה, אוּנְד אֵיין טֵייל פוּן דִיא כֵּלִים
פוּן גָאטְ'ס הויז, אוּנְד עֶר הָאט זַייא
גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם לַאנְד שִׁנְעָר, אִין
דֶעם הויז פוּן זַיין גָאט, אוּנְד דִיא
כֵּלִים הָאט עֶר אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט אִין
דֶעם אוֹצַר־הויז פוּן זַיין גָאט:
3 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אַשְׁפְּנַז, דֶעם אויבֶּערְשְׁטֶען פוּן זַיינֶע
דִינֶער, אַז עֶר זָאל אַרַיינְבְּרֶענְגֶען פוּן
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד פוּן דִיא
קֶענִיגְלִיכֶע קִינְדֶער אוּנְד פוּן דִיא
עֶדֶעלֶע־לַייט:
4 אַזָאלְכֶע קִינְדֶער אִין וֶועלְכֶע עֶס
אִיז נִיט דָא קֵיין שׁוּם מוּם, אוּנְד וָואס
זֶענֶען שֵׁיין פוּן גֶעשְׁטַאלְט, אוּנְד קְלוּג
אִין אַלֶערְלַייא חָכְמוֹת, אוּנְד וָואס
הָאבֶּען קֶענְטְנִים אוּנְד פֶערְשְׁטֵייעֶן דִיא
צַייטֶען, אוּנְד וָואס זֶענֶען אִים שְׁטַאנְד
צוּ שְׁטֵיין אִין דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען פַּאלַאסְט,
אַז מֶען זָאל זַייא קֶענֶען אויסְלֶערְנֶען
דִיא בִּיכֶער אוּנְד דָאס לָשׁוֹן פוּן
דִיא כַּשְׂדִים:
5 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט פַאר זַייא
אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר אִיטְלִיכֶען טָאג פוּן
דֶער קֶענִיגְלִיכֶען שְׁפֵּייז, אוּנְד פוּן דֶעם
וויין פוּן זַיינֶע אֵייגֶענֶע גֶעטְרֶענְק, אוּנְד
אַז מֶען זָאל זַייא אַזוֹי דֶערְצִיהֶען
דְרַייא יָאהְר, אוּנְד אַן דֶעם עֶנְד זָאלֶען
זַייא פָארְגֶעשְׁטֶעלְט וֶוערֶען פַאר דֶעם
מֶלֶךְ:
6 אוּנְד עֶס זֶענֶען צְווִישֶׁען זַייא
גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה,
דָנִיאֵל, חֲנַנְיָה, מִישָׁאֵל אוּנְד עֲזַרְיָה:
7 אוּנְד דֶער אויבֶּערְשְׁטֶער פוּן דִיא
בֶּעדִינְטֶע הָאט צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען
נֶעמֶען, צוּ דָנִיאֵל הָאט עֶר (אַ נָאמֶען)
גֶעגֶעבֶּען בֵּלְטְשַׁאצַר, אוּנְד צוּ חֲנַנְיָה
שַׁדְרַךְ, אוּנְד צוּ מִישָׁאֵל מֵישַׁךְ, אוּנְד צוּ
עֲזַרְיָה עֲבֵד נְגוֹ:
8 אוּנְד דָנִיאֵל הָאט זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען
אִין זַיין הַארְץ אַז עֶר זָאל זִיךְ נִיט
פֶערְאוּמְרֵיינִיגֶען מִיט דֶעם מֶלֶךְ'ס
שְׁפֵּייז אוּנְד מִיט דֶעם וויין פוּן זַיין
(דֶעם קֶענִיגְ'ס) גֶעטְרֶענְק, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעבֶּעטֶען פוּן דֶעם אויבֶּערְשְׁטֶען
פוּן דִיא בֶּעדִינֶער אַז עֶר זָאל אִיהְם
נִיט לָאזֶען פֶערְאוּמְרֵיינִיגֶען:
9 אוּנְד גָאט הָאט דֶעם דָנִיאֵל גֶעגֶעבֶּען
חֵן אוּנְד דֶערְבַּארְמוּנְג פַאר דֶעם
אויבֶּערְשְׁטֶען פוּן דִיא בֶּעדִינֶער:
10 אוּנְד דֶער אויבֶּערְשְׁטֶער פוּן דִיא
בֶּעדִינֶער הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָנִיאֵל, אִיךְ
הָאבּ מוֹרָא פַאר מֵיין הַאר דֶעם מֶלֶךְ,
וָואס הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט אוּנְד בֶּעשְׁטִימְט
אֵייעֶר עֶסֶען אוּנְד אֵייעֶר טְרִינְקֶען,
וָוארִין וֶוען עֶר וֶועט אָנְזֶעהֶען אַז
אֵייעֶרֶע פְּנִימֶער זֶעהֶען שְׁלֶעכְטֶער
אויס וִויא דִיא אַנְדֶערֶע יוּנְגֶע לַייט,

אַזוי װעט איהר מיין קאפּ אין געפאהר
מאַכען פאר דעם מלך :
11 אָבער דניאל האט געזאָגט צו
דעם קאכמייסטער װאס איז געװעזען
אָנגעשטעלט פון דעם אויבערשטען
פון דיא בעדינגער איבער דניאל,
חנניה, מישאל אונד עזריה :
12 פּריף דאך דיינע קנעכט פאר
צעהן טעג, אונד לאז צו אונס געגעב־
בען װערען פון דיא זאמען דאס מיר
זאָלען עסען אונד מיר װעלען נאר
טרינקען װאסער :
13 אונד דערנאך לאז אונזערע גע־
שטאלט פאר דיר געזעהען װערען,
אונד דיא געשטאלט פון דיא יונגע
לייט װאס עסען פון דעם מלך׳ס
שפּייז, אונד אַזוי װיא דוא װעסט
זעהען אַזוי זאלסט דוא טהון מיט
דיינע קנעכט :
14 אונד ער האט צו זיא געהארכט
װעגען דער דאזיגער זאך, אונד ער
האט זיא געפּרופט צעהן טעג :
15 אונד אַן דעם ענד פון דיא צעהן
טעג האט זייער געשטאלט בעסער
אויסגעזעהען, אונד זייער פלייש איז
פעטער געװעזען פון אַלע דיא אַנ־
דערע יונגע לייט װאס האבען געגעסען
פון דעם מלך׳ס שפּייז :
16 אַזוי האט דער קאכמייסטער
אַװעקגעטראָגען זייער שפּייז אונד
דעם װיין פון זייער געטראַנק, אונד
ער האט צו זיא נאר געגעבען זאמען־
קערנער (אַרבעסען) :
17 אונד גאט האט צו דיא דאזיגע
פיער יונגע לייט געגעבען װיסענשאפט
אונד שכל, אונד קלוגהייט אין אַלער־
לייא ביכער, אונד דניאל האט
פערשטאַנען אַלערלייא נביאות אונד
חלומות :
18 אונד אַן דעם ענד פון דיא טעג
װאס דער מלך האט געזאָגט אַז מען
זאל זיא פאר איהם פארברענגען,
אַזוי האט זיא דער אויבערשטער פון
דיא בעדינגער פארגעבראַכט פאר
נבוכדנצר :
19 אונד װען דער מלך האט מיט
זיא גערעדט, אַזוי זענען פון אַלע (יונגע
לייט) ניט געפינען געװאָרען אַזוי װיא
דניאל, חנניה, מישאל אונד עזריה,
אונד זיא זענען געשטאַנען פאר
דעם מלך :
20 אונד איטליכע זאך פון חכמה
אונד פערשטאַנד װאס דער מלך האט
פון זיא פערלאַנגט, האט ער ביי
זיא געפונען צעהן מאל אַזוי פיל
מעהר װיא ביי אַלע (חרטומים)
שריפטגעלעהרטע װאס זענען געװעזען
אין זיין גאנץ קעניגרייך :
21 אונד דניאל איז דארט געװעזען
ביז צו דעם ערשטען יאהר פון כורש
המלך :

## קאפּיטעל ב

1 אונד אין דעם צװייטען יאהר פון
דער רעגירונג פון נבוכדנצר, האט
נבוכדנצר געחלומט חלומות, אונד
זיין געמיט האט אין איהם געקלאַפּט,
אונד ער האט ניט געקענט שלאָפען :
2 אונד דער מלך האט געזאָגט אַז
מען זאל רופען דיא חרטומים, בע־
שװערערס אונד כישוף מאַכערס, אונד
דיא כשדים, כדי זיא זאלען צו דעם
מלך זאגען זיינע חלומות ; אַזוי זענען
זיא אָנגעקומען אונד זיא האבען זיך
געשטעלט פאר דעם מלך :

3 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ זֵייא גֶעז
זָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעחָלוּמְת אַ חָלוֹם,
אוּנְד מֵיין גֶעמִיט (גֵייסְט) אִיז דֶערְ־
שְׁרָאקֶען כְּדֵי צוּ וִויסֶען דֶעם חָלוֹם:
4 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא כַּשְׂדִים גֶערֶעט
צוּ דֶעם מֶלֶךְ אוֹיף לָשׁוֹן אֲרַמִית, אוֹי
מֶלֶךְ לֶעבּ אוֹיף אֵייבִּיג! זָאג דָאךְ דֶעם
חָלוֹם צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט אוּנְד מִיר
וֶועלֶען דִיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְפוּן דֶערְ־
קְלֶערֶען:
5 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא כַּשְׂדִים,
דִיא זַאךְ אִיז פוּן מִיר אַוֶועק, זֶעהְט,
וֶוען אִיהְר וֶועט מִיר נִיט צוּ וִויסֶען
טְהוּן דֶעם חָלוֹם אוּנְד דִיא בֶּעדֵייטוּנְג
דֶערְפוּן, אַזוֹי וֶועט אִיהְר אִין שְׁטִיקֶער
צוּהַאקְט וֶוערֶען, אוּנְד אֵיירֶע הֵייזֶער
וֶועלֶען גֶעמַאכְט וֶוערֶען צוּ מִיסְט־
הוֹיפֶען:
6 אָבֶּער וֶוען אִיהְר וֶועט מִיר אָנְזָאגֶען
דִיא בֶּעדֵייטוּנְג פוּן דֶעם חָלוֹם אַזוֹי
וֶועט אִיהְר פוּן מִיר קְרִיגֶען מַתָּנוֹת
אוּנְד בֶּעוִוילִיגוּנְג אוּנְד גְרוֹיסֶען כָּבוֹד,
דַארוּם זָאלְט אִיהְר מִיר וִויסֶען מַאכֶען
דֶעם חָלוֹם אוּנְד זֵיינֶע בֶּעדֵייטוּנְג:
7 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא צוּם אַנְדֶערְן מָאל
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
לָאז דֶער מֶלֶךְ זָאגֶען צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט
דֶעם חָלוֹם אוּנְד מִיר וֶועלֶען דִיא בֶּעְ־
דֵייטוּנְג דֶערְפוּן אָנְזָאגֶען:
8 דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, אִיךְ ווֵייס בֶּאֱמֶת אַז אִיהְר
ווִילְט גֶעווִינֶען דִיא צֵייט, ווֵייל אִיהְר
זֶעהְט אַז דִיא זַאךְ אִיז פוּן מִיר אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען:
9 אָבֶּער וֶוען אִיהְר וֶועט מִיר נִיט צוּ
וִויסֶען מַאכֶען דֶעם חָלוֹם, אַזוֹי אִיז
נוּר אֵיין מִשְׁפָּט פַאר אֵייךְ, וָוארִין
אִיהְר הָאט אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אַ לִיגֶען
אוּנְד אַ פֶערְדָארְבֶּענֶע זַאךְ, פַאר מִיר
צוּ זָאגֶען, בִּיז דִיא צֵייט וֶועט זִיךְ
עֶנְדֶערְן, דַארִיבֶּער זָאגְט צוּ מִיר דֶעם
חָלוֹם, אַז אִיךְ זָאל וִויסֶען דָאס אִיהְר
קֶענְט מִיר ווֵייזֶען דִיא בֶּעדֵייטוּנְג
דֶערְפוּן:
10 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא כַּשְׂדִים גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט פַאר דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נִיט פֶערְ־
הַאנְדֶען אַ מֶענְשׁ אוֹיף דֶער עֶרְד
(וֶועלְט) וָואס זָאל קֶענֶען דֶעם מֶלֶךְ'ס
זַאךְ ווֵייזֶען, דָארִיבֶּער הָאט נָאךְ קֵיין
מֶלֶךְ אָדֶער הַאר, אָדֶער גֶעוֶועלְטִיגֶער
אַזַא זַאךְ פֶערְלַאנְגְט פוּן קֵיין שׁוּם
כִּישׁוּף מַאכֶער אָדֶער שְׁרִיפְטְגֶעלֶעהְרְ־
טֶען אָדֶער פוּן אַ כַּשְׂדִי:
11 וָוארִין דִיא זַאךְ וָואס דֶער מֶלֶךְ
פֶערְלַאנְגְט אִיז זֵייעֶר טֵייעֶר (שְׁוֶוער),
אוּנְד עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט דָא וָואס
קֶען עֶס אָנְזָאגֶען פַאר דֶעם מֶלֶךְ
נֵייעֶרְט דִיא גֶעטֶער אַלֵיין וָואס ווְאוֹינֶען
נִיט מִיט (מֶענְשֶׁען) פְלֵיישׁ:
12 וֶועגֶען דֶעם אִיז דֶער מֶלֶךְ אִין
אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶען כַּעַס גֶעוָוארֶען, אוּנְד
עֶר הָאט בֶּעפוֹילֶען אַז מֶען זָאל אַלֶע
חֲכָמִים פוּן בָּבֶל אוּמְבְּרֶענְגֶען:
13 אוּנְד דָאס גֶעזֶעץ אִיז אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען אַז דִיא קְלוּגֶע לֵייט זָאלֶען
אוּמְגֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען, אוּנְד מֶען הָאט
גֶעזוּכְט דֶעם דָנִיאֵל אוּנְד זֵיינֶע חֲבֵרִים
(אוֹיךְ) צוּ הַרְגְנְ'ן:
14 דֶענְסְטְמָאל הָאט דָנִיאֵל גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט צוּ אַרְיוֹךְ, דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען
פוּן דֶעם מֶלֶךְ'ס לֵייבְּוַואךְ וָואס אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ הַרְגְנְ'ן דִיא קְלוּגֶע

לייט פון בבל, מיט א קלוגע עצה:
15 דהיינו, ער האט געענטפערט
אונד געזאגט צו אריוך דעם מלך'ס
הויפטמאן, פארוואס איז דעם מלך'ס
געזעץ אזוי איליג? אזוי האט אריוך
דיא זאך צו דניאל צו וויסען געטהון:
16 אזוי איז דניאל אריינגעגאנגען,
אונד ער האט פון דעם מלך גע־
בעטען אז מען זאל איהם געבען צייט,
אונד ער וועט דעם מלך אנזאגען דיא
בעדייטונג:
17 דענסטמאל איז דניאל אריינגע־
גאנגען אין זיין הויז אונד ער האט
דיא זאך געלאזט וויסען צו זיינע
חברים, צו חנניה, מישאל אונד
עזריה:
18 אז זייא זאלען בעטען דערבארמונג
פון פאר דעם גאט פון הימעל פון
וועגען דעם דאזיגען סוד, כדי דניאל
אונד זיינע חברים זאלען ניט אומ־
קומען מיט דיא איבריגע חכמים פון
בבל:
19 דענסטמאל איז צו דניאל ענט־
פלעקט געווארען דער סוד אין א
געזיכט אין דער נאכט, דענסטמאל
האט דניאל געבענשט דעם גאט פון
הימעל:
20 אונד דניאל האט געענטפערט
אונד געזאגט, געבענשט זאל זיין דער
נאמען פון גאט פון אייביגקייט צו
אייביגקייט, וואָרין חכמה אונד שטארק־
הייט געהערט צו איהם:
21 וואָרין ער פערענדערט צייטען
אונד זמנים, ער שאפט אפ מלכים,
אונד שטעלט אויף מלכים, ער געט
חכמה צו דיא חכמים, אונד וויסענ־
שאפט צו דיא וואס האבען פערר־
שטאנד:
22 ער ענטפלעקט טיפע אונד פערר־
בארגענע זאכען, ער ווייס וואס עס
איז אין דער פינסטערניס, אונד דיא
ליכטיגקייט וואוינט מיט איהם:
23 איך דאנק אונד לויב דיך, אוי
גאט פון מיינע עלטערן, ווייל דוא
האסט צו מיר געגעבען חכמה אונד
שטארקהייט אונד דוא האסט צו מיר
אצונד געלאזט וויסען וואס מיר
האבען פון דיר געבעטען, וואָרין דוא
האסט אונס אצונד געלאזט וויסען
דעם מלך'ס זאך:
24 וועגען דעם דאזיגען איז דניאל
אריינגעגאנגען צו אריוך, וועמען דער
מלך האט בעפוילען אוים צו הרג'נען
דיא חכמים פון בבל ער איז צו איהם
געגאנגען אונד ער האט אזוי געזאגט,
דוא זאלסט ניט פערטילגען דיא קלוגע
לייט פון בבל, ברענג מיך אריין פאר
דעם מלך, אונד איך וועל דעם מלך
ווייזען דיא בעדייטונג:
25 דענסטמאל האט אריוך געשווינד
אריינגעבראכט דעם דניאל פאר דעם
מלך, אונד ער האט צו איהם אזוי
געזאגט, איך האב געפונען א מאן פון
דיא געפאנגענע קינדער פון יהודה,
וואס וויל דעם מלך צו וויסען טהון דיא
בעדייטונג:
26 דער מלך האט געענטפערט, אונד
געזאגט צו דניאל, וואס זיין נאמען
איז געוועזען בלטשאצר, ביזט דוא
אים שטאנד מיך וויסען צו מאכען
דעם חלום וואס איך האב געזעהען,
אונד דיא בעדייטונג דערפון?
27 אזוי האט דניאל געענטפערט פאר
דעם מלך אונד ער האט געזאגט,

דֶער סוֹד וָואס דֶער מֶלֶךְ פְרֶעגְט,
קֶענֶען נִיט דִיא חֲכָמִים אוּנְד כִּישׁוּף־
מַאכֶערְס, אוּנְד דִיא חַרְטוּמִים צוּ
דֶעם מֶלֶךְ אָנְזָאגֶען:
28 אָבֶּער עֶס אִיז דָא אַ גָאט אִים
הִימֶעל וָואס קֶען עֶנְטפְּלֶעקֶען סוֹדוֹת,
אוּנְד עֶר קֶען וֵוייזֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ
נְבוּכַדְנֶצַר וָואס עֶס זָאל זַיין אִין דִיא
לֶעצְטֶע טֶעג; דַיין חָלוֹם אוּנְד דָאס
גֶעזִיכְט פוּן דַיין קָאפּ (וָואס דוּא הָאסְט
גֶעזֶעהֶען) אוֹיף דַיין גֶעלֶעגֶער אִיז
דָאס:
29 דוּא, אוֹי מֶלֶךְ, דַיינֶע גֶעדַאנְקֶען
זֶענֶען אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דַיין בֶּעט
וֶועגֶען דֶעם וָואס עֶס וֶועט דֶערְנָאךְ זַיין,
אוּנְד דֶער וָואס עֶנְטפְּלֶעקְט דִיא סוֹדוֹת
לָאזְט דִיר צוּ וִויסֶען טְהוּן וָואס עֶס
וֶועט זַיין:
30 אָבֶּער וָואס אַן מִיר אָנְבֶּעלַאנְגְט,
דִיזֶער סוֹד אִיז נִיט צוּ מִיר עֶנְטפְּלֶעקְט
גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דִיא חָכְמָה וָואס אִיז
אִין מִיר מֶעהְר וִויא אִין אַלֶע לֶעבֶּעדִי־
גֶע, נֵייעֶרְט פוּן וֶועגֶען אַז מֶען זָאל צוּ
דֶעם מֶלֶךְ מַאכֶען וִויסֶען דִיא בֶּעדַייטוּנְג,
אוּנְד אַז דוּא זָאלְסְט וִויסֶען דִיא
גֶעדַאנְקֶען פוּן דַיין הַארְץ:
31 דוּא, אוֹי מֶלֶךְ, הָאסְט גֶעזֶעהֶען,
אוּנְד זֶעה, אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶעס בִּילְד,
דָאס דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע בִּילְד וָואס הָאט
זֶעהְר גֶעגְלַאנְצְט אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר
דִיר, אוּנְד זַיינֶע גֶעשְׁטַאלְט אִיז גֶעוֶועזֶען
זֶעהְר פָארְכְטֶערְלִיךְ:
32 דֶעם בִּילְד'ס קָאפּ אִיז גֶעוֶועזֶען
פוּן פֵיינְגָאלְד, זַיינֶע בְּרוּסְט אוּנְד זַיינֶע
אָרֶעמְ'ס פוּן זִילְבֶּער, זַיין בּוֹיךְ אוּנְד
זַיינֶע לֶענְדֶען פוּן קוּפֶּער:
33 זַיינֶע קְנִיעֶן (שֶׁענְקֶעלְן) פוּן אַייזֶען,
זַיינֶע פִיס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַ טְהַייל פוּן
אַייזֶען אוּנְד אַ טְהַייל פוּן לֵיים:
34 אַזוֹי הָאסְט דוּא עֶס גֶעזֶעהֶען בִּיז
אַ שְׁטֵיין אִיז אוֹיסְגֶעהַאקְט גֶעוָוארֶען
אָהְן הֶענְד, אוּנְד עֶס הָאט גֶעשְׁלָאגֶען
דָאס בִּילְד אוֹיף זַיינֶע פִיס וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען פוּן אַייזֶען אוּנְד לֵיים, אוּנְד
עֶס הָאט זֵייא צוּ שְׁטִיקְלֶעךְ צוּבְּרָא־
כֶען:
35 אַזוֹי אִיז דֶענְסְטְמָאל צוּבְּרָאכֶען
גֶעוָוארֶען דָאס אַייזֶען, דֶער לֵיים, דָאס
קוּפֶּער, דָאס זִילְבֶּער אוּנְד דָאס גָאלְד,
אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא
שְׁטְרוֹי (פְּלֶעוָוע) פוּן אַ זוּמֶער דְרֶעשׁ־
שֵׁייעֶר, אוּנְד דֶער ווִינְד הָאט עֶס
אַוֶועקְגֶעטְרָאגֶען, אַזוֹי דָאס קֵיין אָרְט
אִיז פַאר זֵייא נִיט גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען,
אוּנְד דֶער שְׁטֵיין וָואס הָאט דָאס בִּילְד
גֶעשְׁלָאגֶען אִיז גֶעוָוארֶען צוּ אַ גְרוֹיסֶען
בַּארְג אוּנְד הָאט דֶערְפִילְט דִיא גַאנְצֶע
וֶועלְט:
36 דָאס אִיז דֶער חָלוֹם, אוּנְד דִיא
בֶּעדַייטוּנְג דֶערְפוּן וֶועלֶען מִיר פַאר
דֶעם מֶלֶךְ דֶערְקְלֶערֶען:
37 דוּא, אוֹי מֶלֶךְ, בִּיזְט אַ מֶלֶךְ
אִיבֶּער מְלָכִים, אוּנְד דֶער גָאט פוּם
הִימֶעל הָאט דִיר גֶעגֶעבֶּען אַ קֶענִיגְ־
רֵייךְ, מַאכְט, אוּנְד שְׁטַארְקְהֵייט אוּנְד
כָּבוֹד:
38 אוּנְד אַלֶערְטְוֶועגֶען אַוְואוּ דִיא
מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער וְואוֹינֶען, דִיא חַיוֹת
פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד דִיא פֵייגֶעל פוּם
הִימֶעל, דָאס הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אִין
דַיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט דִיךְ
גֶעמַאכְט פַאר אַ גֶעוֶועלְטִיגֶער אִיבֶּער
זֵייא אַלֶע; דוּא בִּיזְט דֶער קָאפּ פוּן
גָאלְד:

39 אונד נאך דיר וועט אויפשטיין
איין אנדער מלכות, נידעריגער פון
דיר, אונד נאך איין דריטעס מלכות
פון קופער, וואס וועט געוועלטיגען
איבער דער גאנצער ערד (וועלט):
40 אונד דאס פירטע מלכות וועט
זיין אזוי שטארק וויא אייזען, ווארין
אזוי וויא אייזען צושלאגט אין שטיקער
אונד מאכט אלעס שוואך, אונד אזוי
וויא אייזען צוברעכט אלעס. אזוי וועט
אלעס דאס דאזיגע צוברעכען אונד
צושטויסען ווערען:
41 אונד דאס וואס דוא האסט גע־
זעהען דיא פים אונד דיא פינגער (פון
זייא) א טייל פון ליים אונד א טייל
פון אייזען, (דאס בעדייט) אז דאס
מלכות וועט צוטיילט ווערען, אבער
עס וועט דארין זיין דיא שטארקהייט
פון אייזען, אונד אזוי וויא דוא האסט
געזעהען אז דאס אייזען איז געוועזען
אויסגעמישט מיט דעם ליים:
42 אונד אזוי וויא דיא פינגער פון
דיא פים זענען געוועזען א טייל פון
אייזען אונד א טייל פון ליים, אזוי
וועט דאס מלכות זיין א טייל שטארק
אונד א טייל וועט צוברעכען ווערען:
43 אונד דאס וואס דוא האסט גע־
זעהען דאס אייזען אויסגעמישט מיט
דעם ליים, (דאס בעדייט) אז (חאטשע)
זייא וועלען זיך פערמישען מיט דיא
מענשען־זאמען, דאך וועלען זייא זיך
ניט בעהעפטען איינער צו דעם
אנדערן, גראד אזוי וויא אייזען קען
זיך ניט פערמישען מיט דעם ליים:
44 אונד אין דיא טעג פון דיא דא־
זיגע מלכים וועט דער גאט פון הימעל
אויפשטעלען א מלכות וואס וועט
קיינמאל ניט פערדארבען ווערען, אונד
דאס מלכות וועט ניט איבערגעלאזט
ווערען צו איין אנדערן פאלק, גייערט
עס וועט אין שטיקלעך צוברעכען
אונד פערלענדען אלע דיא דאזיגע
קעניגרייכען, אבער עס (דאס פינפטע
מלכות) וועט בעשטיין בלייבען אויף
אייביג:
45 אונד דאס וואס דוא האסט גע־
זעהען אז א שטיין איז אויסגעשניטען
געווארען פון דעם בארג אהן הענד,
אונד דאס עס האט צוברעכען אין
שטיקער דאס אייזען, דאס קופער,
דעם ליים, דאס זילבער אונד דאס
גאלד; (דאס בעדייט) דער גרויסער
גאט האט דעם מלך געלאזט וויסען
וואס עס וועט נאכדעם זיין, אונד דער
חלום איז אמת אונד זיינע בעדייטונג
איז זיכער:
46 דענסמאל איז דער מלך נבוכדנאצר
געפאלען אויף זיין פנים, אונד ער
האט זיך געבוקט צו דניאל, אונד ער
האט בעפוילען אז מען זאל צו איהם
מקריב זיין א קרבן מנחה כדי עס
זאל צו איהם זיין (א נחת רוח) א
זיסער געשמאק:
47 אונד דער מלך האט געענטפערט
צו דניאל אונד ער האט געזאגט, עס
איז באמת, אז אייער גאט איז דער
גאט איבער אלע געטער, אונד א
האר איבער דיא מלכים, אונד וואס
ענטפלעקט סודות, דאס דוא האסט
געקענט ענטפלעקען דעם דאזיגען
סוד:
48 דענסמאל האט דער מלך דעם
דניאל גרויס געמאכט, אונד ער האט
איהם געגעבען פילע אונד גרויסע

מַתְּנוֹת, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט
אַ גֶעוָועלְטִיגֶער אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער
מְדִינָה פוּן בָּבֶל, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם
אָנְגֶעשְׁטֶעלְט אַלְס דֶעם אוֹיבֶּערשְׁטֶען
הַאר אִיבֶּער אַלֶע חֲכָמִים פוּן בָּבֶל׃
49 אוּנְד דָנִיאֵל הָאט גֶעבֶּעטֶען דֶעם
מֶלֶךְ אַז עֶר זָאל אָנְשְׁטֶעלֶען דֶעם
שַׁדְרַךְ מֵישַׁךְ אוּנְד עֲבֵד נְגוֹ אִיבֶּער
דֶער אַרְבֵּייט פוּן דֶער מְדִינָה פוּן בָּבֶל,
אָבֶּער דָנִיאֵל אִיז גֶעוָועזֶען אִין דֶעם
מֶלֶךְ'ס טוֹיעֶר (פַּאלַאסְט)׃

קאפיטעל ג

1 דֶער מֶלֶךְ נְבוּכַדְנֶצַר הָאט גֶעמַאכְט
אַ גָאלְדֶענֶעם בִּילְד, זַיינֶע הֵייךְ אִיז
גֶעוָועזֶען זֶעכְצִיג אֵיילֶען, אוּנְד זַיינֶע
בְּרֵייט זֶעקְס אֵיילֶען, אוּנְד עֶר הָאט
עֶס אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אִין דֶעם פְּלוֹין
דוּרָא אִין דֶער מְדִינָה פוּן בָּבֶל׃
2 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ נְבוּכַדְנֶצַר הָאט
אַהֵינְגֶעשִׁיקְט צוּ פֶערְזַאמֶעלְן דִיא
פִירְשְׁטֶען, אוּנְד דִיא גוּבֶּערְנַאטֶארְס,
אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע, דִיא שׁוֹפְטִים,
אוּנְד דִיא אוֹצָר הַאלְטֶערְס, דִיא עֵצָה
גֶעבֶּערְס, דִיא גֶעזֶעץ אוֹיסְאִיבֶּערְס,
אוּנְד אַלֶע גֶעוָועלְטִיגֶערְס פוּן דִיא
מְדִינ׳ת אַז זַייא זָאלֶען קוּמֶען צוּ דֶעם
מְחַנֵךְ זַיין פוּן דֶעם בִּילְד וָואס דֶער
מֶלֶךְ נְבוּכַדְנֶצַר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט׃
3 דֶענְסְמָאל הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט
דִיא פִירְשְׁטֶען, דִיא גוּבֶּערְנַאטֶארְס, דִיא
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע, דִיא שׁוֹפְטִים, דִיא אוֹצָר
הַאלְטֶערְס, דִיא עֵצָה גֶעבֶּערְס, דִיא
גֶעזֶעץ אוֹיסְאִיבֶּערְס, אוּנְד אַלֶע גֶע־
וָועלְטִיגֶערְס פוּן דִיא מְדִינוֹת צוּ דֶעם
מְחַנֵךְ זַיין פוּן דֶעם בִּילְד וָואס דֶער
מֶלֶךְ נְבוּכַדְנֶצַר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט;
אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פַאר דֶעם
בִּילְד וָואס נְבוּכַדְנֶצַר הָאט אוֹיפְגֶע־
שְׁטֶעלְט׃
4 אוּנְד אֵיין אוֹיסְרוּפֶער הָאט אוֹיסְ־
גֶערוּפֶען מִיט אַ גְרוֹיסֶען כּוֹחַ, צוּ אֵייךְ
אִיז עֶס אָנְגֶעזָאגְט, אוֹי אִיהְר פֶעלְקֶער
אוּנְד אוּמוֹת אוּנְד פוּן אַלֶערְלֵייא
לְשׁוֹנוֹת׃
5 דָאס אִין וָועלְכֶער צֵייט אִיהְר וָועט
הֶערֶען דָאס קוֹל פוּן דֶעם הָארְן,
פְלֵייט, דִיא הַארְף, דֶעם סַאמְבּוּקֶע,
פְסַנְתְּרִין, אוּנְד צִימְבֶּעלְן, אוּנְד אַלֶערְ־
לֵייא כְּלֵי זֶמֶר, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אַנִידֶ־
רֶערְפַאלֶען, אוּנְד אֵייךְ בִּיקֶען פַאר
דֶעם גָאלְדֶענֶעם בִּילְד וָואס דֶער מֶלֶךְ
נְבוּכַדְנֶצַר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט׃
6 אוּנְד וָוער עֶס וָועט נִיט אַנִידֶערְ־
פַאלֶען אוּנְד זִיךְ נִיט בִּיקֶען, דֶער
וָועט בַּאלְד אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וָוערֶען
אִין דֶעם בְּרֶענֶענְדִיגֶען פֵייעֶר אוֹיוֶוען׃
7 דָארוּם, אִין וָועלְכֶער צֵייט דָאס
אַלֶע פֶעלְקֶער הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָאס
קוֹל פוּן דֶעם הָארְן, דִיא פְלֵייט, דִיא
הַארְף, דֶעם סַאמְבּוּקֶע, פְסַנְתְּרִין, אוּנְד
צִימְבֶּעלְן, אוּנְד אַלֶערְלֵייא כְּלֵי זֶמֶר,
אַזוֹי הָאבֶּען אַלֶע פֶעלְקֶער אוּנְד אוּמוֹת
אוּנְד פוּן אַלֶערְלֵייא לְשׁוֹנוֹת זִיךְ גֶע־
בִּיקְט פַאר דֶעם גָאלְדֶענֶעם בִּילְד וָואס
דֶער מֶלֶךְ נְבוּכַדְנֶצַר הָאט אוֹיפְגֶע־
שְׁטֶעלְט׃
8 דַארִיבֶּער הָאבֶּען זִיךְ גֶעוִויסֶע לֵייט
פוּן דִיא כַּשְׂדִּים גֶענֶעהֶנְט (צוּ דֶעם
מֶלֶךְ), אוּנְד זַייא הָאבֶּען דִיא יוּדֶען
אָנְגֶעקְלַאגְט׃
9 זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט
צוּ דֶעם מֶלֶךְ נְבוּכַדְנֶצַר, אוֹי מֶלֶךְ,
דוּא זָאלְסְט אוֹיף אֵייבִּיג לֶעבֶּען׃
10 דוּא, אוֹי מֶלֶךְ, הָאסְט גֶעמַאכְט

אַ גֶעזֶעץ, דָאס אִיטְלִיכֶער מַאן וָואס
וֶועט הֶערֶען דָאס קוֹל פוּן דֶעם הָארְן,
דִיא פְלֵייט, דִיא הַארְף, דֶעם סַאמְבּוּקֶע,
פְּסַנְתְּרִין, אוּנְד צִימְבֶּעלְן, אוּנְד אַלֶערְ־
לֵייא כְּלֵי זֶמֶר אַזוֹי זָאל עֶר אַנִידֶערְ־
פַאלֶען אוּנְד זִיךְ בִּיקֶען פַאר דֶעם
גָאלְדֶענֶעם בִּילְד:
11 אוּנְד דָאס דֶער וָואס וֶועט נִיט
אַנִידֶערְפַאלֶען אוּנְד זִיךְ נִיט בִּיקֶען,
דֶער זָאל אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען אִין
דֶעם בְּרֶענֶענְדִיגֶען פֵייעֶר אוֹיפֶען:
12 עֶס זֶענֶען דָא פֶערְהַאנְדֶען יוּדִישֶׁע
מֶענֶער, וָואס דוּא הָאסְט זֵייא אָנְגֶע־
שְׁטֶעלְט אִיבֶּער דִיא אַרְבֵּייט פוּן דִיא
מְדִינוֹת פוּן בָּבֶל, דְהַיְינוּ שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ
אוּנְד עַבֵד נְגוֹ, דִיא דָאזִיגֶע מֶענֶער
אַכְטֶען דִיךְ נִיט, אוֹי מֶלֶךְ, זֵייא דִינֶען
נִיט דֵיינֶע גֶעטֶער, אוּנְד זֵייא טְהוּן זִיךְ
אוֹיךְ נִיט בִּיקֶען פַאר דֶעם גָאלְדֶענֶעם
בִּילְד וָואס דוּא הָאסְט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט:
13 דֶענְסְטְמָאל הָאט נְבוּכַדְנֶצַר אִין
דֶעם צָארְן אוּנְד גְרִימְצָארְן בֶּעפוֹילֶען
אַז מֶען זָאל בְּרֶענְגֶען דֶעם שַׁדְרַךְ,
מֵישַׁךְ אוּנְד עֲבֵד נְגוֹ, אַזוֹי הָאט מֶען
דִיא דָאזִיגֶע מֶענֶער גֶעבְּרֶענְגְט פַאר
דֶעם מֶלֶךְ:
14 אַזוֹי הָאט נְבוּכַדְנֶצַר צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט, אִיז דָאס אֱמֶת, אוֹי שַׁדְרַךְ,
מֵישַׁךְ אוּנְד עֲבֵד נְגוֹ, טְהוּט אִיהְר
נִיט דִינֶען מֵיינֶע גֶעטֶער, אוּנְד טְהוּט
אִיהְר אֵייךְ נִיט בִּיקֶען פַאר דֶעם
גָאלְדֶענֶעם בִּילְד וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיפְ־
גֶעשְׁטֶעלְט?
15 אַצוּנְד אָבֶּער זָאלְט אִיהְר זַיין
אָנְגֶעבְּרֵייט, דָאס אִין וֶועלְכֶער צֵייט
אִיהְר וֶועט הֶערֶען דָאס קוֹל פוּן דֶעם
הָארְן, דִיא פְלֵייט, דִיא הַארְף, דֶעם
סַאמְבּוּקֶע, פְּסַנְתְּרִין, אוּנְד צִימְבֶּעלְן
אוּנְד אַלֶערְלֵייא כְּלֵי זֶמֶר אַנִידֶער צוּ
פַאלֶען אוּנְד אֵייךְ צוּ בִּיקֶען פַאר
דֶעם בִּילְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט;
אָבֶּער וֶוען אִיהְר וֶועט אֵייךְ נִיט
בִּיקֶען, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אִין דֶערְ־
זֶעלְבִּיגֶער צֵייט אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען
אִין דֶעם בְּרֶענֶענְדִיגֶען פֵייעֶר־אוֹיפֶען;
אוּנְד וֶוער אִיז דֶער גָאט וָואס קֶען
אֵייךְ מַצִיל זֵיין פוּן מֵיינֶע הֶענְד?
16 אַזוֹי הָאבֶּען שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ אוּנְד
עֲבֵד נְגוֹ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט
צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אוֹי נְבוּכַדְנֶצַר, מִיר
זֶענֶען גָארְנִיט בֶּעוָוארְנְט דִיר צוּ עֶנְטְ־
פֶערְן וֶוענֶען דֶער דָאזִיגֶער זַאךְ:
17 זֶעה, אוּנְזֶער גָאט וָואס מִיר דִינֶען
אִיהְם אִיז פֶערְהַאנְדֶען, אוּנְד עֶר קֶען
אוּנְס מַצִיל זֵיין אַפִּילוּ אוֹיס דֶעם
בְּרֶענְנֶעדִיגֶען פֵייעֶר־אוֹיפֶען, אוּנְד פוּן
דֵיינֶע הַאנְד, אוֹי מֶלֶךְ, וֶועט עֶר אוּנְס
מַצִיל זֵיין:
18 אוּנְד וֶוען נִיט, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא
וִויסֶען, אוֹי מֶלֶךְ, דָאס מִיר וֶועלֶען נִיט
דִינֶען דֵיינֶע גֶעטֶער, אוּנְד מִיר וֶועלֶען
זִיךְ נִיט בִּיקֶען צוּ דֶעם גָאלְדֶענֶעם
בִּילְד וָואס דוּא הָאסְט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט:
19 דֶענְסְטְמָאל אִיז נְבוּכַדְנֶצַר פוּל
גֶעוָוארֶען מִיט גְרִימְצָארְן, אוּנְד דִיא
גֶעשְׁטַאלְט פוּן זֵיין פָּנִים הָאט זִיךְ
פֶערְעֶנְדֶערְט קֶעגֶען שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ אוּנְד
עֲבֵד נְגוֹ, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשְׁרִיגֶען
אוּנְד בֶּעפוֹילֶען, אַז מֶען זָאל אָנְהֵייצֶען
דֶעם אוֹיפֶען זִיבֶּען מָאל מֶעהְר וִויא
מֶען הָאט עֶס גֶעוֶועהְנְלִיךְ גֶעהֵייצְט:
20 אוּנְד צוּ דִיא שְׁטַארְקְסְטֶע לֵייט
פוּן זֵיין חַיִל הָאט עֶר גֶעבָּאטֶען אַז
זֵייא זָאלֶען בִּינְדֶען שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ אוּנְד

עֶבֶד נְגוֹ, אוּנְד מֶען זָאל זֵייא אַרֵיינְ־
וואַרְפֶען אִין דֶעם בְּרֶענֶענְדִיגֶען פֵייעֶר־
אוֹיפֶען:
21 דֶענְסְטְמָאל זֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע
מֶענֶער גֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען אִין זֵייעֶרֶע
רֶעק, זֵייעֶרֶע הוֹיזֶען אוּנְד זֵייעֶרֶע הִיטֶעלֶן,
אוּנְד זֵייעֶרֶע אַנְדֶערֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד
מֶען הָאט זֵייא אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין
דֶעם בְּרֶענֶענְדִיגֶען פֵייעֶר־אוֹיפֶען:
22 וַוייל דֶעם מֶלֶךְ'ס בֶּעפֶעהְל אִיז
אַזוֹי שְׁטְרֶענְג גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דֶער
אוֹיפֶען אִיז אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעהֵייצְט
גֶעוֶועזֶען, דַארוּם הָאבֶּען דִיא פְלַאמֶען
דֶערשְׁלָאגֶען דִיא מֶענֶער וָואס הָאבֶּען
שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ, אוּנְד עֲבֵד נְגוֹ, אִין
דֶעם אוֹיפֶען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען:
23 אָבֶּער דִיא דָאזִיגֶע דְרֵייא מֶענֶער,
שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ, אוּנְד עֲבֵד נְגוֹ, זֶענֶען
גֶעבּוּנְדֶענֶערְהֵייט אַרֵיינְגֶעפַאלֶען אִין
דֶעם בְּרֶענֶענְדִיגֶען פֵייעֶר־אוֹיפֶען:
24 אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער מֶלֶךְ נְבוּכַדְנֶצַּר
זֶעהְר פֶערְוְואוּנְדֶערְט, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעשְׁוִוינְד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע אַנְפִּיהְרֶערְס, הָאבֶּען
מִיר נִיט דְרֵייא מֶענֶער גֶעבּוּנְדֶענֶערְ־
הֵייט אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין דֶער מִיטֶען
פוּן דֶעם פֵייעֶר? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד צוּ דֶעם מֶלֶךְ
גֶעזָאגְט, עֶס אִיז אֶמֶת, אוֹי מֶלֶךְ!
25 אַזוֹי הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, אִיךְ זֶעה דָאךְ פִיעֶר מֶענֶער
פְרֵייא אַרוּמְגֵיין אִין דֶער מִיטֶען פוּן
דֶעם פֵייעֶר, אוּנְד עֶס טְהוּט זֵייא
גָאר נִיט וֵוייא, אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט
פוּן דֶעם פִיעֶרְטֶען אִיז גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא
דֶער זוּהְן פוּן גָאט:
26 אַזוֹי הָאט זִיךְ נְבוּכַדְנֶצַּר גֶענֶעהֶנְט
צוּ דֶער טִיהְר פוּן דֶעם פֵייעֶר־אוֹיפֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד גֶעזָאגְט,
שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ, אוּנְד עֲבֵד נְגוֹ! אִיהְר
קְנֶעכְט פוּן דֶעם הֶעכְסְטֶען גָאט, גֵייט
אַרוֹיס, אוּנְד קוּמְט אַהֶער; אַזוֹי זֶענֶען
שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ, אוּנְד עֲבֵד נְגוֹ אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען פוּן מִיטֶען דֶעם פֵייעֶר:
27 אוּנְד וֶוען דִיא פִירְשְׁטֶען, גוּבֶּערְ־
נַאטָארֶס, אוּנְד דִיא הַארֶען, אוּנְד דִיא
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע, אוּנְד דִיא פִיהְרֶערְס פוּן
דֶעם מֶלֶךְ הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט,
אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעהֶען דִיא דָאזִיגֶע
מֶענֶער, אַז דָאס פֵייעֶר הָאט קֵיינֶע
שְׁלִיטָה נִיט גֶעהַאט אִיבֶּער זֵייעֶרֶע
לֵייבֶּער, אוּנְד דָאס אֲפִילוּ דִיא הָאר
פוּן זֵייעֶרֶע קֶעפּ זֶענֶען נִיט פֶערְזֶענְגְט
(פֶערְסְמָאלֶעט) גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע
רֶעק הָאבֶּען זִיךְ נִיט פֶערְעֶנְדֶערְט, אוּנְד
עֶס אִיז נִיט אַמָאל גֶעוֶועזֶען אַ רֵיחַ
פוּן פֵייעֶר אִיבֶּער זֵייא:
28 דֶענְסְטְמָאל הָאט נְבוּכַדְנֶצַּר גֶעְ־
עֶנְטְפֶערְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט
אִיז דֶער גָאט פוּן שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ אוּנְד
עֲבֵד נְגוֹ, וָואס הָאט גֶעשִׁיקְט זֵיין
מַלְאָךְ אוּנְד הָאט מַצִיל גֶעוֶועזֶען זֵיינֶע
קְנֶעכְט וָואס הָאבֶּען אִין אִיהְם פֶערְ־
טְרוֹיעֶט, אוּנְד וָואס הָאבֶּען פֶערְעֶנְדֶערְט
דֶעם מֶלֶךְ'ס וָוארְט, אוּנְד הָאבֶּען
אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט זֵייעֶרֶע לֵייבֶּער, אַז
זֵייא זָאלֶען נִיט דִינֶען אוּנְד זִיךְ נִיט
בִּיקֶען צוּ קֵיין שׁוּם גָאט, נֵייעֶרְט צוּ
זֵייעֶר גָאט:
29 דָארִיבֶּער מַאךְ אִיךְ אַ גֶעבָּאט,
דָאס אִיטְלִיכֶעס פָאלְק אוּנְד אִיטְלִיכֶע
אוּמָה אוּנְד לָשׁוֹן, וָואס וֶועט אֵיינֶע
אוּמְרֶעכְטֶע זַאךְ זָאגֶען קֶעגֶען דֶעם
גָאט פוּן שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ אוּנְד עֲבֵד נְגוֹ,

דֶער זָאל אויף שְׁטִיקְלֶעךְ צוּהַאקְט
וָוערֶען, אוּנְד זֵיירֶע הֵייזֶער זָאלֶען
גֶעמַאכְט וָוערֶען צוּ אַ מִיסְטְהויפֶען,
וָוארִין עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנְדֶען קֵיין
אַנְדֶערֶער גָאט וָואס קֶען אַזוֹי מַצִיל
זֵיין וִויא דֶער דָאזִיגֶער:
30 דֶענְסמָאל הָאט דֶער מֶלֶךְ בֶּע־
גְלִיקְט (אָנְגֶעשְׁטֶעלְט) דֶעם שַׁדְרַךְ,
מֵישַׁךְ אוּנְד עבד נְגוֹ אִיבֶּער דִיא מְדִינָה
פוּן בָּבֶל:
31 נְבוּכַדְנֶצַר, דֶער מֶלֶךְ, צוּ אַלֶע
פֶעלְקֶער, אוּמוֹת אוּנְד לְשׁוֹנוֹת וָואס
וְואוֹינֶען אויף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד;
שָׁלוֹם זָאל צוּ אֵייךְ פֶערְמֶעהְרְט וָוערֶען!
32 אִיךְ הַאלְט עֶס פַאר גוּט אוּנְד
שֵׁיין בֶּעקַאנְט צוּ מַאכֶען דִיא צֵייכֶען
אוּנְד וְואוּנְדֶער וָואס דֶער הֶעכְסְטֶער
גָאט הָאט מִיט מִיר גֶעטְהוּן:
33 אוֹי וִויא גְרוֹיס זֶענֶען זֵיינֶע צֵייכֶען!
אוּנְד וִויא גְרוֹיס זֶענֶען זֵיינֶע וְואוּנְדֶער!
זֵיין קֶענִיגְרֵייךְ אִיז אֵיין אֵייבִּיגֶעס קֶע־
נִיגְרֵייךְ, אוּנְד זֵיינֶע גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט
גֶעדוֹיעֶרְט פוּן דוֹר צוּ דוֹר:

קאפיטעל ד

1 אִיךְ נְבוּכַדְנֶצַר בִּין גֶעוֶועזֶען בְּשַׁלְוָה
אִין מֵיין הויז, אוּנְד פְרִישׁ (גֶעזוּנְד) אִין
מֵיין פַּאלַאסְט:
2 אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ חָלוֹם וָואס
הָאט מִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען, אוּנְד דִיא
גֶעדַאנְקֶען אויף מֵיין גֶעלֶעגֶער אוּנְד
דִיא זֶעהוּנְג פוּן מֵיין קָאפּ הָאבֶּען מִיךְ
זֶעהְר דֶערְשְׁרָאקֶען:
3 דָארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען
אַ גֶעבָּאט אַז מֶען זָאל פַאר מִיר
בְּרֶענְגֶען אַלֶע קְלוּגֶע לֵייט פוּן בָּבֶל
כְּדֵי זֵייא זָאלֶען מִיר צוּ וִויסֶען טְהוּן
דִיא בֶּעדֵייטוּנְג פוּן דֶעם חָלוֹם:
4 דֶענְסמָאל זֶענֶען גֶעקוּמֶען דִיא
חַרְטוּמִים, בֶּעשְׁוֶוערֶערְס אוּנְד דִיא
כִּישׁוּף־מַאכֶערְס אוּנְד דִיא כַּשְׂדִים,
אוּנְד דִיא וָואהְרזָאגֶערְס, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ פַאר זֵייא גֶעזָאגְט דֶעם חָלוֹם,
אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען מִיר נִיט גֶעקֶענְט
זָאגֶען דִיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְפוּן:
5 אָבֶּער צוּ לֶעצְט אִיז דָנִיאֵל פַאר מִיר
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, וָואס הֵייסְט בֵּלְטְשַׁאצַר,
נָאךְ דֶעם נָאמֶען פוּן מֵיין גָאט, אוּנְד
אִין וֶועמֶען עֶס אִיז דֶער רוּחַ פוּן דֶעם
הֵיילִיגֶען גָאט, אוּנְד פַאר אִיהְם הָאבּ
אִיךְ דֶערְצֵיילְט דֶעם חָלוֹם אַזוֹי צוּ
זָאגֶען:
6 אוֹי בֵּלְטְשַׁאצַר, דוּא אוֹיבֶּערְשְׁטֶער
פוּן דִיא חַרְטוּמִים! וְוייל אִיךְ וֵוייס אַז
דֶער רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען
גָאט אִיז אִין דִיר, אוּנְד קֵיין סוֹד אִיז
נִיט פוּן דִיר פֶערְבָּארְגֶען, אַזוֹי זָאג
מִיר דָאס גֶעזִיכְט פוּן מֵיין חָלוֹם אוּנְד
דִיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְפוּן:
7 אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס גֶעזִיכְט פוּן
מֵיין קָאפּ אויף מֵיין בֶּעט, אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען אַז אֵיין בּוֹים אִיז גֶעוֶועזֶען
אִין מִיטֶען פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד דִיא
הֵייךְ דֶערְפוּן אִיז זֶעהְר גְרוֹיס גֶע־
וֶועזֶען:
8 דֶער בּוֹים הָאט גֶעוַואקְסֶען אוּנְד
אִיז שְׁטַארְק גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא הֵייךְ
דֶערְפוּן הָאט גֶעגְרֵייכְט בִּיז צוּם הִימֶעל,
אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען בִּיז אַן
דֶעם עֶנְד פוּן דֶער גַאנְצֶער עֶרְד:
9 זֵיינֶע בְּלֶעטֶער זֶענֶען שֵׁיין גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד זֵיינֶע פֵּירוֹת פִיל, אוּנְד גֶענוּג
פַאר אַלֶע פַאר שְׁפֵּייז, הִינְטֶער אִיהְם
אִיז גֶעוֶועזֶען אַ שָׁאטֶען פַאר דִיא חַיוֹת
פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד דִיא פֵייגֶעל פוּן

הִימֶעל הָאבֶּען גֶעוואוֹינְט אִין זֵיינֶע
צְווייַגֶען, אוּנְד פוּן אִיהְם זֶענֶען אַלֶע
בֶּעשֶׁעפֶּענִים גֶעשְׁפֵּייזְט גֶעוָוארֶען:
10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ ווייטֶער גֶעזֶעהֶען
אִין דֶעם גֶעזִיכְט פוּן מֵיין קָאפּ אוֹיף
מֵיין בֶּעט, אוּנְד זֶעה אַ הֵיילִיגֶער
וָועכְטֶער אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם
הִימֶעל:
11 עֶר הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען מִיט כּוֹחַ,
אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט, שְׁנֵייט אָפּ
דֶעם בּוֹים, אוּנְד הַאקְט אָפּ זֵיינֶע
צְווייַגֶען, שָׁאקֶעלְט אָפּ דִיא בְּלֶעטֶער,
אוּנְד צוּשְׁפְּרֵייעְט זֵיינֶע פֵּירוֹת, לָאזֶען
דִיא חַיוֹת פוּן אוּנְטֶער אִיהְם פֶערְ־
טְרִיבֶּען ווערֶען, אוּנְד דִיא פֵייגֶעל פוּן
זֵיינֶע צְווייַגֶען:
12 אָבֶער לָאזְט אִיבֶּער דֶעם עִקָר
פוּן זֵיינֶע וָוארְצֶעלְן אִין דֶער עֶרְד,
אוּנְד בִּינְט אִיהְם מִיט אַ קֵייט פוּן
אֵייזֶען אוּנְד קוּפֶּער, אִין דֶעם גְרָאז פוּן
דֶעם פֶעלְד; אוּנְד לָאז עֶר בֶּענֶעצְט
ווערֶען מִיט דֶעם טוֹיא פוּן דֶעם
הִימֶעל, אוּנְד זֵיין חֵלֶק עָסֶען זָאל זֵיין
מִיט דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד אִין
דֶעם גְרָאז פוּן דֶער עֶרְד:
13 זֵיין מֶענְשְׁלִיכֶעם הַארְץ זָאל פֶערְ־
עֶנְדֶערְט ווערֶען, אוּנְד אַ הַארְץ פוּן אַ
חַיָה זָאל צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען ווערֶען,
אוּנְד זִיבֶּען (יָאהְר) צֵייטֶען זָאלֶען
אִיבֶּער אִיהְם אַרִיבֶּערְגֵעהְן:
14 מִיט דִיא דָאזִיגֶער גְזֵרָה אִיז דִיא
זַאךְ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דוּרְך דִיא וַואכֶע־
דִיגֶע מַלְאָכִים, אוּנְד אוֹיף דֶעם בֶּע־
פֶעהְל פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אִיז דָאס פֶערְ־
לַאנְגֶען דֶערְפוּן, כְּדֵי דָאס דִיא לֶעבֶּע־
דִיגֶע זָאלֶען ווִיסֶען אַז דֶער אוֹיבֶּער־
שְׁטֶער גֶעוָועלְטִיגְט אִין דֶעם מַלְכוּת
פוּן דִיא מֶענְשֶׁען, אוּנְד אַז עֶר גֶעט
עֶס צוּ וָועמֶען עֶר ווִיל, אוּנְד עֶר קֶען
אוֹיפְשְׁטֶעלֶען דֶעם נִידְרִיגְסְטֶען פוּן דִיא
מֶענְשֶׁען:
15 דֶעם דָאזִיגֶען חָלוֹם הָאבּ אִיךְ,
מֶלֶךְ נְבוּכַדְנֶצַר, גֶעזֶעהֶען, אוּנְד דוּא
אוֹי בֵּלְטְשַׁאצַר, זָאג אָן דִיא בֶּעדֵייטוּנְג
דֶערְפוּן, וָוארִין קֵיין אֵיינְצִיגֶער פוּן דִיא
חֲכָמִים אִין מֵיין מַלְכוּת זֶענֶען נִיט אִים
שְׁטַאנְד מִיר אָנְצוּזָאגֶען דִיא בֶּעדֵייטוּנְג,
אָבֶּער דוּא קֶענְסְט עֶס יוֹא, וָוארִין דֶער
רוּחַ הַקוֹדֶשׁ פוּן דִיא הֵיילִיגֶע גֶעטֶער
אִיז אִין דִיר:
16 דֶענְסְמָאל אִיז דָנִיאֵל, וָואס זֵיין
נָאמֶען אִיז בֵּלְטְשַׁאצַר פֶערווִאוּנְדֶערְט
(שְׁטִיל גֶעוָועזֶען) אֵיינֶע שָׁעָה, אוּנְד זֵיינֶע
גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען אִיהְם דֶערשְׁרָאקֶען,
אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, אוֹי בֵּלְטְשַׁאצַר! לָאז דִיךְ נִיט
דֶער חָלוֹם אוּנְד דִיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְ־
פוּן דֶערשְׁרֶעקֶען, אַזוֹי הָאט בֵּלְטְשַׁאצַר
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, מֵיין הַאר,
לָאז דֶער חָלוֹם זֵיין צוּ דֵיינֶע שׂוֹנְאִים,
אוּנְד דִיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְפוּן צוּ דֵיינֶע
פֵיינְד:
17 דֶער בּוֹים וָואס דוּא הָאסְט גֶע־
זֶעהֶען, וָואס הָאט גֶעוַואקְסֶען, אוּנְד
אִיז שְׁטַארְק גֶעוָועזֶען, אוּנְד וָואס זֵיינֶע
הֵייךְ הָאט גֶעגְרֵייכְט צוּם הִימֶעל אוּנְד
וָואס אִיז גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער
גַאנְצֶער עֶרְד:
18 אוּנְד וָואס זֵיינֶע בְּלֶעטֶער זֶענֶען
שֵׁיין גֶעוָועזֶען, אוּנְד דִיא פְּרוּת דֶערְפוּן
זֶעהְר פִיל, אוּנְד עֶס אִיז אִין אִיהְם
גֶעוָועזֶען שְׁפֵּייז פַאר אַלֶע; אוּנְד דָאס
דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד הָאבֶּען
אוּנְטֶער אִיהְם גֶערוּהְט, אוּנְד דִיא

פֵיגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל הָאבֶּען גֶע־
וָואוֹינְט אוֹיף זַיינֶע צְוַויינֶען:
19 דָאס בִּיזְט דוּא, אוֹי מֶלֶךְ! וָואס
דוּא בִּיזְט גְרוֹיס אוּנְד שְׁטַארְק גֶעוָוארֶען,
וָוארִין דַיינֶע גְרוֹיסְקֵייט אִיז גֶעוַואקְסֶען
אוּנְד גְרֵייכְט בִּיז צוּ דֶעם הִימֶעל,
אוּנְד דַיינֶע גֶעוָועלְטִיגְקֵייט בִּיז צוּ דֶער
עֶרְד:
20 אוּנְד דָאס וָואס דֶער מֶלֶךְ הָאט
גֶעזֶעהֶען אַ וַואכֶער אוּנְד אַ הֵיילִיגֶער
(מַלְאָךְ) אַרוּנְטֶער קוּמֶען פוּן דֶעם
הִימֶעל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, שְׁנֵייט אָפּ
דֶעם בּוֹים אוּנְד פֶערְדַארְבְּט אִיהְם,
אָבֶער לָאזְט אִיבֶּער דֶעם עִקַר פוּן
זַיינֶע וָוארְצֶעלְן אִין דֶער עֶרְד, בִּינְט
אִיהְם מִיט אַ קֵייט פוּן אַייזֶען אוּנְד
קוּפֶּער אִין דֶעם גְרָאז פוּן דֶעם פֶעלְד,
אוּנְד לָאז עֶר בֶּענֶעצְט וֶוערֶען מִיט
דֶעם טוֹיא פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד זַיין
חֵלֶק עֶסֶען זָאל זַיין מִיט דִיא חַיוֹת
פוּן דֶעם פֶעלְד, בִּיז זִיבֶּען (יָאהְר)
צֵייטֶען וֶועלֶען אִיבֶּער אִיהְם אַרִיבֶּערְ־
גֵיין:
21 דָאס אִיז דִיא בֶּעדֵייטוּנְג אוֹי
מֶלֶךְ! אוּנְד דָאס אִיז דִיא גְזֵירָה פוּן
דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען, וָואס אִיז גֶעקוּמֶען
אִיבֶּער מַיין הַאר דֶעם מֶלֶךְ:
22 מֶען וֶועט דִיךְ פֶערְטְרַייבֶּען פוּן
דִיא מֶענְשֶׁען, אוּנְד דַיינֶע וָואוֹינוּנְג
וֶועט זַיין מִיט דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם
פֶעלְד, אוּנְד מֶען וֶועט דִיךְ מַאכֶען
עֶסֶען גְרָאז אַזוֹי וִויא אָקְסֶען, אוּנְד
מֶען וֶועט דִיךְ בֶּענֶעצֶען מִיט דֶעם
טוֹיא פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד זִיבֶּען
(יָאהְר) צֵייטֶען וֶועלֶען אִיבֶּער דִיר
אַרִיבֶּערְגֵיין, בִּיז דוּא וֶועסְט וִויסֶען
דָאס דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער גֶעוָועלְטִיגְט
אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן דִיא מֶענְשֶׁען,
אוּנְד אַז עֶר גֶעבְּט עֶס צוּ וֶועמֶען עֶר
וִויל:
23 אוּנְד דָאס וָואס מֶען הָאט בֶּע־
פוֹילֶען אַז מֶען זָאל אִיבֶּערְלָאזֶען דֶעם
עִקַר פוּן דִיא וָוארְצֶעלְן פוּן דֶעם בּוֹים,
(דָאס בֶּעדֵייט) דַיין מַלְכוּת זָאל צוּ דִיר
בֶּעשְׁטֵיין בְּלֵייבֶּען כְּדֵי דוּא זָאלְסְט
נָאכְדֶעם דֶערְקֶענֶען אַז (דֶער אוֹיבֶּער־
שְׁטֶער פוּן) דִיא הִימֶעלְן טְהוּט
גֶעוָועלְטִיגֶען:
24 דָארִיבֶּער, אוֹי מֶלֶךְ! לָאז דִיר
מֵיינֶע עֵצָה וָואוֹילְגֶעפֶעלִיג זַיין, אַז דוּא
זָאלְסְט דִיךְ פְרֵייא מַאכֶען פוּן דַיינֶע
זִינְדֶען דוּרְךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד פוּן
דַיינֶע אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט, דוּרְךְ בַּארְמְ־
הֶערְצִיגְקֵייט אִיבֶּער דִיא אָרֶעמֶע;
וָוארִין טָאמֶער וֶועט זַיין אַ דֶערְלֶענְ־
גֶערוּנְג צוּ דַיין שָׁלוֹם:
25 דָאס אַלֶעס אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיף
נְבוּכַדְנֶצַר הַמֶלֶךְ:
26 אִין דֶעם עֶנְד פוּן צְוֶועלְף חֳדָשִׁים
וֶוען עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם
קֶענִיגְלִיכֶען פַּאלַאסְט אִין בָּבֶל:
27 הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, אִיז נִיט דָאס דִיא גְרוֹיסֶע
(שְׁטָאט) בָּבֶל וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבּוֹיעֶט
פַאר דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיזְגֶעזִינְד,
דוּרְךְ דִיא מַאכְט פוּן מֵיין כֹּחַ, אוּנְד
פַאר דֶעם כָּבוֹד פוּן מֵיינֶע שֵׁיינְקֵייט?
28 וֶוען דָאס וָוארְט אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען
אִין דֶעם מֶלֶךְ'ס מוֹיל, אַזוֹי אִיז
אַ קוֹל אַרוּפְּגֶעפַאלֶען פוּן דֶעם הִימֶעל
וָואס הָאט גֶעזָאגְט, אוֹי דוּא מֶלֶךְ
נְבוּכַדְנֶצַר! צוּ דִיר אִיז דָאס גֶעזָאגְט
גֶעוָוארֶען, דָאס מַלְכוּת הָאט זִיךְ פוּן
דִיר אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט:

29 אוּנְד מֶען װָעט דִיךְ פֶערטְרַייבֶּען
פוּן דִיא מֶענְשֶׁען, אוּנְד דַיינֶע װְאוֹינוּנְג
װָעט זַיין מִיט דִיא חַיּוֹת פוּן דֶעם
פֶעלְד; מֶען װֶעט דִיךְ מַאכֶען עֶסֶען
גְרָאז אַזוֹי וִויא אָקְסֶען, אוּנְד זִיבֶּען
(יָאהְר) צַייטֶען װָעלֶען אִיבֶּער דִיר
אַרִיבֶּערְגֵיין, בִּיז דוּא װָעסְט דֶערְקֶענֶען
אַז דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער גֶעװָעלְטִיגְט
אִיבֶּער דִיא קֶענִיגְרַייכֶען פוּן דִיא
מֶענְשֶׁען, אוּנְד אַז עֶר גֶעבְּט עֶס צוּ
װֶעמֶען עֶר װִיל׃
30 אִין דֶערְזֶעלְבִּיגֶער צַייט אִיז דָאס
װָארְט מְקוּיָּם גֶעװָארֶען אִיבֶּער נְבוּכַדְנֶצַּר,
אוּנְד עֶר אִיז פֶערטְרִיבֶּען גֶעװָארֶען פוּן
דִיא מֶענְשֶׁען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעסֶען
גְרָאז אַזוֹי וִויא אָקְסֶען, אוּנְד זַיין גוּף
אִיז בֶּענֶעצְט (גֶעבָּאדֶען) גֶעװָארֶען מִיט
דֶעם טוֹיא פוּן הִימֶעל, בִּיז זַיינֶע הָאר
זֶענֶען גֶעװַאקְסֶען אַזוֹי גְרוֹיס װִויא
אָדְלֶערְס (פֶעדֶערְן) אוּנְד זַיינֶע נֶעגֶעל
אַזוֹי װִויא דִיא פֵייגֶעלְ'ס קְלוֹיעֶן׃
31 אוּנְד אַן דֶעם עֶנְד פוּן דִיא טֶעג
הָאב אִיךְ נְבוּכַדְנֶצַּר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
מֵיינֶע אוֹיגֶען צוּם הִימֶעל אַזוֹי אִיז
מֵיין פֶערשְׁטַאנְד צוּ מִיר צוּרִיקְגֶעקוּמֶען,
אוּנְד אִיךְ הָאב גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם אוֹי־
בֶּערשְׁטֶען, אוּנְד אִיךְ הָאב גֶעלוֹיבְּט
אוּנְד בֶּעשֵׁיינְט דֶעם װָאס לֶעבְּט אוֹיף
אֵייבִּיג, װָאס זַיינֶע גֶעװֶעלְטִיגוּנְג אִיז
אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע גֶעװֶעלְטִיגוּנְג, אוּנְד זַיין
קֶענִיגְרַייךְ אִיז פוּן דוֹר צוּ דוֹר׃
32 אוּנְד אַלֶע בֶּעװוֹאוֹינֶערְס פוּן דֶער
עֶרְד זֶענֶען גֶערֶעכֶענְט װִויא גָארְנִיט.
אוּנְד עֶר טְהוּט נָאךְ זַיין װִילֶען מִיט
דִיא חַיָּלוֹת פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד
מִיט דִיא בֶּעװוֹאוֹינֶערְס פוּן דֶער עֶרְד,
אוּנְד קֵיין אֵיינְצִיגֶער קֶען זַיינֶע הַאנְד
אָפְּװֶעהְרֶען אוּנְד צוּ אִיהְם זָאגֶען, װָאס
טְהוּסְט דוּא?
33 אִין דֶערְזֶעלְבִּיגֶער צַייט הָאט זִיךְ
מֵיין פֶערשְׁטַאנְד צוּ מִיר צוּרִיקְגֶעקֶע־
הֶערְט, אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן מֵיין
קֶענִיגְרַייךְ אוּנְד מֵיינֶע שֵׁיינְהַייט הָאט
זִיךְ צוּ מִיר צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד
מֵיינֶע עֵצָה גֶעבֶּערְס אוּנְד מֵיינֶע
פִירְשְׁטֶען הָאבֶּען מִיךְ װִידֶער בֶּעגֶעהְרְט,
אוּנְד אִיךְ בִּין װִידֶער אָנְגֶעבְּרֵייט גֶע־
װָארֶען אוֹיף מֵיין מַלְכוּת, אוּנְד אַ
גְרֶעסֶערֶע גְדוּלָּה אִיז צוּ מִיר גֶעמֶעהְרְט
גֶעװָארֶען װִויא פְרִיהֶער׃
34 אַצוּנְד טְהוּא אִיךְ נְבוּכַדְנֶצַּר, לוֹי־
בֶּען אוּנְד דֶערְהֵייבֶען אוּנְד בֶּעשֵׁיינֶען
דֶעם קֶענִיג פוּן דֶעם הִימֶעל, װָארִין
אַלֶע זַיינֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען אֱמֶת, אוּנְד
זַיינֶע װֶעגֶען זֶענֶען רֶעכְטפַאַרְטִיג, אוּנְד
דִיא װָאס גֵייעֶן אַרוּם מִיט גַאוָה קֶען
עֶר דֶערְנִידֶערִיגֶען׃

## קאפיטעל ה

1 בֵּלְשַׁאצַּר הַמֶּלֶךְ הָאט גֶעמַאכְט אַ
גְרוֹיסֶע סְעוּדָה צוּ אַ טוֹיזֶענְד פוּן זַיינֶע
הַארֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְרוּנְקֶען װַיין
פַאר דִיא טוֹיזֶענְד׃
2 אוּנְד װֶען עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעשִׁיכֶּרְט
מִיט דֶעם װַיין הָאט עֶר בֶּעפוֹילֶען אַז
מֶען זָאל אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען דִיא גָאלְדֶענֶע
אוּנְד זִילְבֶּערְנֶע כֵּלִים װָאס זַיין פָאטֶער
נְבוּכַדְנֶצַּר הָאט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן דֶעם
בֵּית הַמִּקְדָּשׁ װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען אִין
יְרוּשָׁלַיִם, כְּדֵי דֶער מֶלֶךְ אוּנְד זַיינֶע
פִירְשְׁטֶען, זַיינֶע װַייבֶּער אוּנְד זַיינֶע
קֶעבְּסוַייבֶּער זָאלֶען אוֹיךְ טְרִינְקֶען׃
3 דֶענְסְמָאל הָאט מֶען אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט
דִיא גָאלְדֶענֶע כֵּלִים װָאס זֶענֶען אַרוֹיס־
גֶעבְּרַאכְט גֶעװָארֶען אוֹיס דֶעם בֵּית

הַמִקְדָשׁ גָאטְ'ס הויז וָואס אִיז גְעוֶעזֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אוּנְד זַיינֶע פִירְשְׁטֶען, זַיינֶע ווייבֶּער אוּנְד זַיינֶע קֶעבְּסְווייבֶּער הָאבֶּען אוֹיס זֵייא גֶעטְרוּנְקֶען׃

4 זֵייא הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען וויין אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט זֵייעֶרֶע אָפְּגֶעטֶער פוּן גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער, קוּפֶּער אַייזֶען, הָאלְץ אוּנְד שְׁטֵיינֶער׃

5 אִין דֶערזֶעלְבִּיגֶער צַייט זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פִינְגֶער פוּן אַ מֶענְשֶׁענְס הַאנְד, אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶער מְנוֹרָה, אוֹיף דֶעם קַאלְךְ פוּן דֶער וַואנְד אִין דֶעם מֶלֶךְ'ס פַּאלַאסְט, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא הַאנְד וָואס הָאט דָאס גֶעשְׁרִיבֶּען׃

6 דֶענְסְמָאל הָאט זִיךְ דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ פֶערֶענְדֶערְט, אוּנְד זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען אִיהְם דֶערשְׁרָאקֶען, אַז אַפִילוּ דִיא פֶערְבִּינְדוּנְג פוּן זַיינֶע לֶענְדֶען הָאבֶּען זִיךְ פוּן אֵיינַאנְדֶער גֶעשֵׁייט, אוּנְד זַיינֶע קְנִיעֶן הָאבֶּען אֵיינֶע קֶעגֶען דִיא אַנְדֶערֶע גֶעקְלַאפְּט (גֶעצִיטֶערְט)׃

7 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ אוֹיסְגֶערוּפֶען מִיט כֹּחַ אַז מֶען זָאל אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען דִיא בֶּעשְׁוֶועֶרֶערְס אוּנְד דִיא כַּשְׂדִים אוּנְד דִיא צֵייכֶענְדֵייטֶערְס, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט צוּ דִיא קְלוּגֶע לֵייט פוּן בָּבֶל, אַז דֶער מֶענְשׁ וָואס וֶועט לֵיינֶען דִיא דָאזִיגֶע שְׁרִיפְט אוּנְד וֶועט מִיר לָאזֶען וִויסֶען זַיינֶע בֶּעדֵייטוּנְג, דֶער וֶועט בֶּעקְלֵייט וֶוערֶען מִיט פּוּרְפּוּר, אוּנְד מִיט אַ גָאלְדֶענֶע קֵייט אוֹיף זַיין הַאלְז, אוּנְד עֶר וֶועט גֶעוֶועלְטִיגֶען אַלְס דְרִיטֶער אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ׃

8 דֶענְסְמָאל זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אַלֶע חֲכָמִים פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט לֵיינֶען דָאס כְּתַב, אוּנְד דִיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְפוּן הָאבֶּען זֵייא אוֹיךְ נִיט גֶעקָאנְט צוּ וִויסֶען טְהוּן צוּ דֶעם מֶלֶךְ׃

9 דֶענְסְמָאל אִיז דֶער מֶלֶךְ בֶּלְשַׁאצַר זֶעהְר דֶערשְׁרָאקֶען גֶעוָואהֶרֶען, אוּנְד זַיינֶע גֶעשְׁטַאלְט הָאט זִיךְ פֶערֶענְדֶערְט, אוּנְד זַיינֶע פִירְשְׁטֶען זֶענֶען פֶערְטוּמֶעלְט גֶעוָואהֶרֶען׃

10 אַזוֹי אִיז דִיא מַלְכָּה, פוּן וֶועגֶען דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם מֶלֶךְ אוּנְד זַיינֶע פִירְשְׁטֶען, אוֹיךְ אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם הויז פוּן דֶער סְעוּדָה, אוּנְד דִיא מַלְכָּה הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אוֹי מֶלֶךְ, לֶעבּ אוֹיף אֵיבִּיג! לָאזֶען דִיךְ דַיינֶע גֶעדַאנְקֶען נִיט דֶערשְׁרֶעקֶען, אוּנְד לָאז דַיינֶע גֶעשְׁטַאלְט נִיט פֶערֶענְדֶערְט וֶוערֶען׃

11 עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ מַאן אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ, אִין וֶועמֶען אִיז דֶער רוּחַ פוּן דִיא הֵיילִיגֶע גֶעטֶער, אוּנְד אִין דִיא טֶעג פוּן דַיין פָאטֶער אִיז אִין אִיהְם גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען לִיכְט אוּנְד פֶערְשְׁטַאנְד אוּנְד קְלוּגְהֵייט, אַזוֹי וִויא דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן דִיא גֶעטֶער, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ נְבוּכַדְנֶצַר, דַיין פָאטֶער הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט פַאר דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען אִיבֶּער דִיא חַרְטוּמִים, שְׁטֶערְנְזֶעהֶערְס אוּנְד חֲכָמִים׃

12 דָארִיבֶּער, ווייל עֶס אַ גְרוֹיסֶער רוּחַ, אוּנְד וִויסֶענְשַׁאפְט, אוּנְד קְלוּגְהֵייט חֲלוֹמוֹת אוֹיס צוּ דֵייטֶען, אוּנְד רֶעטְזֶעל אָנְצוּזָאגֶען, אוּנְד אוֹיפְצוּבִּינְדֶען פֶערְקְנִיפְּטֶעס אִיז אִין אִיהְם גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען, דְהַיְינוּ אִין דֶעם דָנִיאֵל וָואס

דער

דֶער מֶלֶךְ הָאט אִיהְם אַ נָאמֶען גֶעגֶעבּ־
בֶּען בֵּלְטְשַׁאצַר, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא
אַצוּנְד רוּפֶען דָנִיאֵל, כְּדֵי עֶר זָאל דִיא
בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְקְלֶערֶען :
13 דֶענְסְטְמָאל אִיז דָנִיאֵל אַרֵיינְגֶע־
בְּרַאכְט גֶעוָוארֶען פַאר דֶעם מֶלֶךְ,
אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד גֶעזָאגְט צוּ דָנִיאֵל; בִּיזְט דוּא
דֶער דָנִיאֵל, פוּן דִיא בְּנֵי גָלוּת יְהוּדָה,
וָועמֶען דֶער מֶלֶךְ, מֵיין פָאטֶער הָאט
אַהֶער גֶעבְּרַאכְט אוֹיס יְהוּדָה ?
14 אִיךְ הָאבּ פוּן דִיר גֶעהֶערְט אַז
דֶער רוּחַ פוּן דִיא גֶעטֶער אִיז אִין דִיר,
אוּנְד אַז לִיכְט, אוּנְד שֵׂכֶל, אוּנְד
גְרוֹיסֶע חָכְמָה גֶעפִינְט זִיךְ אִין דִיר :
15 אוּנְד אַצוּנְד זֶענֶען פַאר מִיר
אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען דִיא קְלוּגֶע
לֵייט אוּנְד דִיא שְׁטֶערְן־זֶעהֶערְס, כְּדֵי
זֵייא זָאלֶען דָאס דָאזִיגֶע גֶעשְׁרִיפְט
לֵיינֶען אוּנְד מִיר צוּ ווִיסֶען טְהוּן דִיא
בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְפוּן, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען
נִיט גֶעקֶענְט דִיא בֶּעדֵייטוּנְג פוּן דֶער
זַאךְ אָנְזָאגֶען :
16 אוּנְד אִיךְ הָאבּ פוּן דִיר גֶעהֶערְט
אַז דוּא קֶענְסְט ווֹיא דִיא בֶּעדֵייטוּנְג
דֶערְקְלֶערֶען, אוּנְד פֶערְבִּינְדֶענֶע זַאכֶען
אוֹיפְבִּינְדֶען; אַצוּנְד וָוען דוּא קֶענְסְט
דִיא שְׁרִיפְט לֵיינֶען אוּנְד מִיר צוּ־
ווִיסֶען טְהוּן דִיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְפוּן,
אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אָנְגֶעקְלֵייט וָוערֶען מִיט
פּוּרְפּוּר, אוּנְד מִיט אַ גָאלְדֶענֶע קֵייט
אוֹיף דֵיין הַאלְז, אוּנְד דוּא וָועסְט זֵיין
דֶער דְרִיטֶער גֶעוָועלְטִיגֶער אִין דֶעם
קֶענִיגְרֵייךְ :
17 דֶענְסְטְמָאל הָאט דָנִיאֵל גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט פַאר
דֶעם מֶלֶךְ, לָאזֶען דֵיינֶע מַתָּנוֹת זֵיין
פַאר דִיר אַלֵיין, אוּנְד דֵיינֶע גֶעשֶׁענְק
גִיבּ צוּ אֵיין אַנְדֶערְן, דָאךְ וָועל אִיךְ
דִיא שְׁרִיפְט לֵיינֶען פַאר דֶעם מֶלֶךְ,
אוּנְד דִיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְפוּן וָועל אִיךְ
צוּ אִיהְם מוֹדִיעַ זֵיין :
81 אוֹי דוּא מֶלֶךְ ! דֶער הֶעכְסְטֶער
גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דֵיין פָאטֶער
נְבוּכַדְנֶצַּר אַ קֶענִיגְרֵייךְ, אוּנְד גְרוֹיסְ־
קֵייט אוּנְד כָּבוֹד אוּנְד שֵׁיינְהֵייט :
19 אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֶער גְרוֹיסְקֵייט
וָואס עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען,
הָאבֶּען אַלֶע פֶעלְקֶער אוּנְד אוּמוֹת
אוּנְד לְשׁוֹנוֹת פַאר אִיהְם גֶעצִיטֶערְט
אוּנְד מוֹרָא גֶעהַאט, וָוארִין וָועמֶען עֶר
הָאט גֶעוָואלְט הָאט עֶר דֶערשְׁלָאגֶען,
אוּנְד וָועמֶען עֶר הָאט גֶעוָואלְט הָאט
עֶר גֶעלָאזְט לֶעבֶּען, אוּנְד וָועמֶען עֶר
הָאט גֶעוָואלְט הָאט עֶר דֶערְהוֹיבֶּען,
אוּנְד וָועמֶען עֶר הָאט גֶעוָואלְט הָאט
עֶר דֶערְנִידֶערִיגְט :
20 אָבֶּער וָוען זֵיין הַארְץ הָאט זִיךְ
דֶערְהוֹיבֶּען, אוּנְד זֵיין רוּחַ הָאט
זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט צוּ מוּטְווִילִיגֶען (אִין
שְׁטָאלְצְהֵייט), אַזוֹי אִיז עֶר אַרוּפְּגֶע־
שְׁטוֹיסֶען גֶעוָוארֶען פוּן זֵיין קֶענִיגְלִיכֶען
שְׁטוּל, אוּנְד זֵיין כָּבוֹד אִיז פוּן אִיהְם
אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען :
21 אוּנְד עֶר אִיז פֶערְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען
פוּן דִיא מֶענְשֶׁען, אוּנְד זֵיין הַארְץ אִיז
גֶעוָוארֶען אַזוֹי ווִיא דָאס הַארְץ פוּן
חַיוֹת, אוּנְד זֵיינֶע וְואוֹינוּנְג אִיז גֶעוֶועֶ־
זֶען מִיט ווִילְדֶע אֵייזֶעלְן, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעשְׁפֵּייזְט גֶעוָוארֶען מִיט גְרָאז אַזוֹי
ווִיא דִיא אָקְסֶען, אוּנְד זֵיין גוּף אִיז
בֶּענֶעצְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם טוֹיא פוּן
דֶעם הִימֶעל, בִּיז עֶר הָאט דֶערְקֶענְט
אַז דֶער הֶעכְסְטֶער גָאט גֶעוָועלְטִיגְט



אין

אין דעם קעניגרייך פון די מענשען,
אונד ער שטעלט איבער זייא אויף
וועמען ער וויל:
22 אונד דוא, אוי בלשאצר, זיין זוהן,
האסט ניט דיין הארץ דערנידעריגט,
חאטשע דוא האסט דאס אלעס גע־
וואוסט:
23 נייערט דוא האסט דיך דערר־
הויבען קעגען דעם גאט פון הימעל,
אונד מען האט פאר דיר ארויסגעע־
בראכט די כלים פון זיין הויז (בית
המקדש), אונד דוא אונד דיינע פירשט־
טען, דיינע ווייבער אונד דיינע קעבס־
ווייבער האבען אין זייא ווייז גע־
טרונקען; אונד צו די געטער פון
זילבער אונד גאלד, קופער, אייזען,
האלץ אונד שטיין, וואס קענען ניט
זעהען, אונד ניט הערען, אונד וואס
פערשטייען ניט האסט דוא געלויבט,
אבער דעם גאט אין וועמעס האנד
דיינע נשמה איז, אונד וועמעס אלע
דיינע וועגען זענען דעם האסט דוא
ניט פערהערליכט:
24 דערנסמאל איז די האנד פון איהם
ארויסגעשיקט געוואָרען, אונד האט די
דאזיגע שריפט אויפגעצייכענט:
25 אונד דאס איז די שריפט וואס
(די האנד) האט געשריבען מנא
מנא תקל ופרסין:
26 דאס איז די בעדייטונג פון דער
זאך,—מנא, גאט האט געציילט דיין
קעניגרייך אונד ער האט דערפון איין
ענד געמאכט:
27 תקל, דוא ביזט געוואוגען אין
דער וואגשאל, אונד דוא ביזט צו
ווינציג געפונען געוואָרען:
28 פרס, דיין קעניגרייך איז צוטיילט
געוואָרען, אונד אפגעגעבען געוואָרען
צו מדי אונד פרס?
29 דערנסמאל האט בלשאצר בעפוילען
אז מען זאל דעם דניאל אנקליידען
מיט פורפור, אונד טהון א גאלדענע
קייט אויף זיין האלז, אונד מען האט
וועגען איהם אויסגערופען אז ער זאל
זיין דער דריטער געוועלטיגער אין
דעם קעניגרייך:
30 אין דער זעלביגער נאכט איז
בלשאצר דער מלך פון די כשדים
דערשלאגען געוואָרען:

קאפיטעל ו

1 אונד דריוש המדי האט גענומען
דאס קעניגרייך, ווען ער איז אלט
געוועזען צווייא אונד זעכציג יאהר:
2 עס האט פאר דריוש וואוילגעפאלען
אנצושטעלען איבער דעם קעניגרייך
הונדערט אונד צוואנציג פארשטעהערס,
וואס זאלען זיין איבער דעם גאנצען
קעניגרייך:
3 אונד איבער זייא האט ער אנגע־
שטעלט דרייא הארען, פון וועלכע
דניאל איז איינער געוועזען, כדי די
דאזיגע פארשטעהערס זאלען צו זייא
אפגעבען א חשבון אז דער קעניג זאל
ניט האבען קיין שאדען:
4 דערנסמאל איז דער דאזיגער דניאל
פארגעצויגען געוועזען איבער די
אנדערע הארען אונד די פארשטעה־
ערס, ווייל איין עדעלער גייסט איז
אין איהם געוועזען, אונד דער מלך
האט געטראכט איהם אנצושטעלען
איבער דעם גאנצען קעניגרייך:
5 דערנסמאל האבען די הארען אונד
די פארשטעהערס געזוכט א בילבול
קעגען דניאל אין דער זאך פון דעם
מלכות

מַלְכוּת, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען גָאר קֵיין
בִּילְבּוּל אוּנְד קֵיין שׁוּם מוּם גֶעקֶענְט
גֶעפִינֶען, וָוארִין עֶר אִיז גַאנְץ גֶעטְרֵייא
גֶעוֶועזֶען, עֶס אִיז אִין אִיהְם גָאר קֵיין
שׁוּם מוּם גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען:
6 דֶענְסְמָאל הָאבֶּען דִיא דָאזִיגֶע מֶע־
נֶער גֶעזָאגְט, מִיר קֶענֶען נִיט גֶעפִינֶען
קֶענֶען דֶעם דָנִיאֵל קֵיין שׁוּם בִּילְבּוּל
חוּץ מִיר גֶעפִינֶען עֶס קֶענֶען אִיהְם
וֶועגֶען דִיא תּוֹרָה פוּן זֵיין גָאט:
7 דֶענְסְמָאל הָאבֶּען זִיךְ דִיא דָאזִיגֶע
הַארֶען פֶערְזַאמֶעלְט פַאר דֶעם מֶלֶךְ,
אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, דָרְיָוֶשׁ הַמֶּלֶךְ, לֶעבּ אוֹיף אֵייבִּיג:
8 אַלֶע פִירְשְׁטֶען פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ
דִיא גוּבֶּערְנַאטָארְס, דִיא הַארֶען אוּנְד
דִיא עֵצָה גֶעבֶּערְס פוּן דֶעם מֶלֶךְ אוּנְד
דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶען
בֶּערָאטֶען כְּדֵי דֶער מֶלֶךְ זָאל בֶּע־
שְׁטֶעטִיגֶען אַ גֶעזֶעץ, אוּנְד שְׁטַארְק
מַאכֶען אַ בֶּעפֶעהְל (בּוּנְד), דָאס אִיטְ־
לִיכֶער וָואס וֶועט בֶּעטֶען אַ גֶעבֶּעט
פוּן אַ גָאט אָדֶער אַ מֶענְשׁ בִּיז דְרֵייסִיג
טֶעג, חוּץ פוּן דִיר אוֹי מֶלֶךְ, דֶער זָאל
אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען אִין דִיא גְרוּבּ
פוּן דִיא לֵייבֶּען:
9 אוּנְד אַצוּנְד, אוֹי מֶלֶךְ, זָאלְסְט דוּא
בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען דֶעם בּוּנְד אוּנְד אוּנְטֶער־
שְׁרֵייבּ דָאס כְּתַב, כְּדֵי עֶס זָאל נִיט
פֶערֶענְדֶערְט וֶוערֶען נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ
פוּן מָדַי אוּנְד פָּרַס וָואס קֶען נִיט אָפְּ־
גֶעטְהוּן וֶוערֶען:
10 אִיבֶּער דֶעם הָאט דֶער מֶלֶךְ
דָרְיָוֶשׁ אוּנְטֶערְגֶעשְׁרִיבֶּען דָאס כְּתַב
אוּנְד דָאס פֶערְבָּאט:
11 אוּנְד אַצוּנְד וֶוען דָנִיאֵל הָאט גֶע־
וְואוּסְט דָאס אַ זָאלְכֶעס שְׁרִיפְט־(גֶעזֶעץ)
אִיז אוּנְטֶערְגֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען, אַזוֹי
אִיז עֶר אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין זֵיין הוֹיז,
אוּנְד דִיא פֶענְסְטֶער אִין זֵיינֶער אוֹיבֶּער־
שְׁטוּבּ אִיז אָפֶען גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען
יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַנִידֶער
גֶעקְנִיעֶט דְרֵייא מָאל אִין טָאג אוֹיף
זֵיינֶע קְנִיעֶן אוּנְד עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען
אוּנְד גֶעלוֹיבְּט פַאר זֵיין גָאט, גְרָאד
אַזוֹי וִויא עֶר הָאט אַלֶע מָאל גֶעפְלֶעגְט
צוּ טְהוּן:
12 אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא דָאזִיגֶע
מֶענֶער פֶערְזַאמֶעלְט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעפוּנֶען אַז דָנִיאֵל טְהוּט בֶּעטֶען אוּנְד
זָאגְט תַּחֲנוּנוֹת פַאר זֵיין גָאט:
13 דֶענְסְמָאל הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶע־
נֶעהְנְט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט פַאר
דֶעם מֶלֶךְ וֶועגֶען דֶעם פֶערְבָּאט פוּן
דֶעם מֶלֶךְ; הָאסְט דוּא נִיט אַ פֶערְ־
בָּאט אוּנְטֶערְגֶעשְׁרִיבֶּען אַז אִיטְלִיכֶער
מֶענְשׁ וָואס וֶועט בֶּעטֶען פוּן אַ גָאט
אָדֶער אַ מֶענְשׁ חוּץ פוּן דִיר אַלֵיין אוֹי
מֶלֶךְ בִּיז אִין דְרֵייסִיג טֶעג דֶער זָאל
אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען אִין דִיא גְרוּבּ
פוּן דִיא לֵייבֶּען; אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, דִיא זַאךְ
אִיז אֱמֶת, עֶס אִיז אַזוֹי וִויא דָאס גֶע־
זֶעץ פוּן מָדַי אוּנְד פָּרַס וָואס קֶען נִיט
אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען:
14 דֶענְסְמָאל הָאבֶּען זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד גֶעזָאגְט פַאר דֶעם מֶלֶךְ, אַז
דָנִיאֵל, וָואס אִיז פוּן דִיא פֶערְטְרִיבֶּענֶע
קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה, טְהוּט דִיךְ נִיט
אַכְטֶען, אוֹי קֶענִיג, אוּנְד אוֹיךְ נִיט
אוֹיף דֵיין פֶערְבָּאט וָואס דוּא הָאסְט
אוּנְטֶערְגֶעשְׁרִיבֶּען, נֵייעֶרְט עֶר טְהוּט
דְרֵייא מָאל אִין טָאג בֶּעטֶען זֵיין
גֶעבֶּעט:

15 דֶענְסְמָאל, וָוען דֶער מֶלֶךְ הָאט
דִיא זַאךְ דֶערְהֶערְט, אַזוֹי אִיז אִיהְם
זֶעהְר שְׁלֶעכְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט
וֶועגֶען דָנִיאֵל גֶעטְהוּן זַיין הַארְץ כְּדֵי
אִיהְם מַצִיל צוּ זַיין, אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם
אוּנְטֶערְגַיין פוּן דֶער זוּן הָאט עֶר זִיךְ
בֶּעמִיהְט אִיהְם מַצִיל צוּ זַיין:
16 דֶענְסְמָאל הָאבֶּען זִיךְ דִיא דָאזִיגֶע
מֶענֶער פֶערְזַאמֶעלְט פַאר דֶעם מֶלֶךְ,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מֶלֶךְ, דוּא זָאלְסְט ווִיסֶען, אוֹי מֶלֶךְ, אַז
דָאס גֶעזֶעץ פוּן מָדַי אוּנְד פָּרַס אִיז,
אַז אִיטְלִיכֶעס פֶערְבָּאט אוּנְד גֶעזֶעץ
וָואס דֶער מֶלֶךְ הָאט בֶּעשְׁטֶעטִיגְט
טָאר נִיט גֶעעֶנְדֶערְט וֶוערֶען:
17 דֶענְסְמָאל הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעבָּאטֶען,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דֶעם
דָנִיאֵל אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אַרֵיינְ־
גֶעוָוארְפֶען אִין דִיא לֵייבֶּען־גְרוּבּ;
אָבֶּער דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד
גֶעזָאגְט צוּ דָנִיאֵל, דֵיין גָאט וָועמֶען
דוּא דִינְסְט תָּמִיד דֶער זָאל דִיךְ מַצִיל
זַיין:
18 אוּנְד מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט אַ
שְׁטֵיין אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם גֶעלֵייגְט
אוֹיף דִיא עֶפֶענוּנְג פוּן דֶער גְרוּבּ,
אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט עֶס פֶערְחַתְמֶת
מִיט זַיין זִיגֶעל־רִינְג אוּנְד מִיט דֶעם
זִיגֶעל־רִינְג פוּן זַיינֶע פִירְשְׁטֶען, כְּדֵי
דֶער ווִילֶען זָאל נִיט פֶערְעֶנְדֶערְט וֶוערֶען
וֶועגֶען דָנִיאֵל:
19 דֶענְסְמָאל אִיז דֶער מֶלֶךְ אַרֵיינְ־
גֶעגַאנְגֶען אִין זַיין פַּאלַאסְט, אוּנְד עֶר
הָאט דִיא נַאכְט אִיבֶּערְגֶעפַּאסְט, אוּנְד
עֶס זֶענֶען אוֹיךְ נִיט קֵיינֶע כְּלֵי זְמָרִים
פַאר אִיהְם גֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד
זַיין שְׁלָאף אִיז פוּן אִיהְם אַוֶועקְגֶע־
גַאנְגֶען:
20 דֶענְסְמָאל אִיז דֶער מֶלֶךְ זֶעהְר
פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען (אֵיידֶער עֶס אִיז
לִיכְטִיג גֶעוָועזֶען) אוּנְד עֶר אִיז מִיט
אֵיילִינֶעס צוּ דֶער לֵייבֶּען־גְרוּבּ גֶעגַאנְ־
גֶען:
21 אוּנְד וָוען עֶר אִיז נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען
צוּ דֶער גְרוּבּ, אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיסְגֶע־
שְׁרִיגֶען מִיט אַ טְרוֹיעֶרִיג קוֹל צוּ
דָנִיאֵל, דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד
גֶעזָאגְט צוּ דָנִיאֵל, אוֹי דָנִיאֵל! דוּא
קְנֶעכְט פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט, אִיז
דֵיין גָאט וָועמֶען דוּא שְׁטֶענְדִיג דִינְסְט
אִים שְׁטַאנְד דִיךְ מַצִיל צוּ זַיין פוּן דִיא
לֵייבֶּען?
22 דֶענְסְמָאל הָאט דָנִיאֵל גֶערֶעדט צוּ
דֶעם מֶלֶךְ, אוֹי מֶלֶךְ, לֶעבּ אוֹיף
אֵייבִּיג!
23 מֵיין גָאט הָאט גֶעשִׁיקְט זַיין מַלְאָךְ
אוּנְד הָאט פֶערְשְׁלָאסֶען דָאס מוֹיל
פוּן דִיא לֵייבֶּען דָאס זַייא הָאבֶּען מִיר
גָאר קֵיין שָׁאדֶען נִיט גֶעטְהוּן, וַוייל
אִיךְ בִּין פַאר אִיהְם אוּמְשׁוּלְדִיג גֶע־
פוּנֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד אוֹיךְ פַאר דִיר
אוֹי מֶלֶךְ, הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס
נִיט גֶעטְהוּן:
24 דֶענְסְמָאל אִיז דֶעם מֶלֶךְ זֶעהְר
גוּט גֶעוָועזֶען, אוּנְד עֶר הָאט בֶּעפוֹילֶען
אַז מֶען זָאל דָנִיאֵל אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען פוּן
דֶער גְרוּבּ; אַזוֹי הָאט מֶען דָנִיאֵל
אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶער גְרוּבּ, אוּנְד
עֶס אִיז אַן אִיהְם גָאר קֵיין שָׁאדֶען
נִיט גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען, וַוייל עֶר הָאט
גֶעגְלוֹיבְּט אַן זַיין גָאט:
25 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט בֶּעפוֹילֶען,
אוּנְד מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט דִיא דָאזִיגֶע
מֶענֶער וָואס הָאבֶּען דָנִיאֵל אָנְגֶעקְלָאגְט

אונד מען האט זייא אַריינגעוואָרפען
אין דיא גרוב צו דיא לייבען מיט
זיירע קינדער אונד זיירע ווייבער,
אונד איידער זייא האָבען געגרייכט
אונטען צו דער גרוב, אַזוי האָבען
שוין דיא לייבען איבער זייא געוועלד־
טיגט אונד זייא האָבען אַלע זיירע
ביינער אין שטיקלעך צובראָכען:
26 דענסמאָל האט דער מלך דריוש
געשריבען צו אַלע פעלקער פון דיא
אומות אונד לשונות וואס וואוינען אין
דער גאַנצער וועלט, אייער שלום זאָל
פערמעהרט ווערען:
27 פון מיר איז אַרויסגעגעבען אַ
גזרה, דאָס אין דער גאַנצער רעגירונג
פון מיין קעניגרייך זאָל מען ציטערן
אונד מורא האָבען פאַר דעם גאָט פון
דניאל, וואָרין ער (אַליין) איז דער
לעבעדיגער גאָט אונד האט אַ קיום
ביז אויף אייביג אונד וועט ניט
פערדאַרבען ווערען, אונד זיינע געד־
וועלטיגקייט איז ביז צו דעם סוף:
28 ער טהוט בעפרייען אונד מציל
זיין, אונד ער טהוט צייכען אונד
וואונדער אין דעם הימעל אונד אויף
דער ערד, וואָרין ער האט דניאל
מציל געוועזען פון דער מאַכט פון
דיא לייבען:
29 אונד דער דאָזיגער דניאל האָט
בעגליקט אין דעם מלכות פון דריוש
אונד אין דעם מלכות פון כורש
הפרס:

## קאַפּיטעל ז

1 אין דעם ערשטען יאָהר פון
בלשאצר מלך פון בבל, האט דניאל
געזעהען אַ חלום, אונד אַ זעהונג פון
זיין קאָפּ אויף זיין געלעגער, אַזוי
האט ער דעם חלום אויפגעשריבען
אונד דיא הויפּט־זאַך דערפון האט ער
דערצייהלט:
2 דניאל האט אָנגעהויבען אונד ער
האט געזאָגט, איך האָב געזעהען אין
מיינע זעהונג ביי נאַכט, אונד זעה,
פיער ווינדען האָבען געשטאָרעמט
אויף דעם גרויסען ים:
3 אונד פיער גרויסע חיות זענען
אַרויפגעקומען פון דעם ים, איינע איז
אַנדערשט געוועזען פון דיא אַנדערע:
4 דיא ערשטע איז געוועזען וויא אַ
לייב אונד האט געהאט פליגעלן אַזוי
וויא איין אָדלער, איך האָב געקוקט
ביז זיינע פליגעלן זענען אויסגעפליקט
געוואָרען, אונד איז אויפגעהויבען געד־
וואָרען פון דער ערד, אונד האט זיך
(ווידער) געשטעלט אויף דיא פיס אַזוי
וויא אַ מענש, אונד אַ מענשען'ס
הארץ איז צו איהם געגעבען געוואָד־
רען:
5 אונד זעה, איינע אַנדערע חיה,
אַ צווייטע, גלייך אַזוי וויא אַ בער,
אונד עס האט זיך אויפגעשטעלט
אויף איינע זייט, אונד עס האט געהאט
דרייא ריפּען אין דעם מויל צווישען
דיא צעהן, אונד מען האט דערצו
אַזוי געזאָגט, שטייט אויף, אונד
פרעסט פיל פלייש:
6 נאָכדעם האָב איך געזעהען, אונד
זעה, איין אַנדערעס אַזוי וויא אַ
לעמפּערט, אונד עס האט געהאט
אויף דעם ריקען פיער פליגעלן פון אַ
פויגעל, אונד דיא חיה האט אויך
געהאט פיער קעפּ, אונד געוועלד־
טיגקייט איז צו איהר געגעבען געד־
וואָרען:

7 נָאכְדֶעם הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אִין
דֶער זֶעהוּנְג בַּייא נַאכְט, אוּנְד זֶעה,
אַ פִיעֶרְטֶע חַיָה, פָאְרכְטְבַּאר אוּנְד
שְׁרֶעקְלִיךְ, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהְר
שְׁטַארְק, אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט אַייזֶ־
עֶרְנֶע צֶעהְן, עֶס הָאט גֶעפְרֶעסֶען
אוּנְד צוּבְּרָאכֶען, אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע
הָאט זִיא צוּטְרֶעטֶען מִיט אִיהְרֶע פִּיס,
אוּנְד זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען גַאנְץ אַנְדֶערְשׁ
פוּן אַלֶע עֶרְשְׁטֶע חַיוֹת, אוּנְד זִיא הָאט
גֶעהַאט צֶעהְן הֶערְנֶער:
8 וֶוען אִיךְ הָאבּ בֶּעטְרַאכְט דִיא
הֶערְנֶער, אַזוֹי זֶעה, אַ קְלֵיינֶעס הָארְן
אִיז פוּן צְוִוישֶׁען זֵייא אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד דְרֵייא פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע הֶערְנֶער
זֶענֶען פוּן פַאר אִיהְם אוֹיסְגֶעריסֶען
גֶעוָוארֶען מִיט דִיא וָוארְצֶעלְן, אוּנְד
זֶעה, אִין דֶעם דָאזִיגֶען (קְלֵיינֶעם) הָארְן
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיגֶען אַזוֹי וִויא מֶענְ־
שֶׁענְ'ס אוֹיגֶען, אוּנְד (עֶס הָאט גֶעהַאט)
אַ מוֹיל וָואס הָאט גֶערֶעט גְרוֹיסֶע זַאכֶען:
9 אוּנְד אִיךְ הָאבּ (נָאךְ וֵוייטֶער) גֶע־
זֶעהֶען בִּיז דִיא טְרוֹין־שְׁטוּלֶען זֶענֶען
אַרוּנְטֶערְגֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד
דֶער וָואס אִיז פוּן אַלְטֶע טֶעג אָן אִיז
גֶעזֶעסֶען, זֵיין קְלֵייד אִיז גֶעוֶועזֶען וַוייס
אַזוֹי וִויא שְׁנֵייא, אוּנְד דִיא הָאר פוּן
זֵיין קָאפּ אַזוֹי וִויא רֵיינֶע וָואל, זֵיין
טְרוֹין־שְׁטוּל אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא
פַייעֶר פְלַאמֶען, אוּנְד זֵיינֶע רֶעדֶער
אַזוֹי וִויא אַ בְּרֶענֶענְדִיגֶעס פַייעֶר:
10 אַ טַייךְ פוּן פַייעֶר הָאט זִיךְ
גֶעצוֹיגֶען אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן
פַאר אִיהְם, טוֹיזֶענְד מָאל טוֹיזֶענְד
הָאבֶּען אִיהְם בֶּעדִינְט, אוּנְד צֶעהְן
טוֹיזֶענְד מָאל צֶעהְן טוֹיזֶענְד זֶענֶען
פַאר אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען, עֶר הָאט זֵייא
גֶעזֶעצְט צוּ דֶעם מִשְׁפָּט, אוּנְד דִיא
בִּיכֶער זֶענֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען:
11 דֶענְסְמָאל הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען,
דָאס פוּן וֶועגֶען דֶעם קוֹל פוּן דִיא
גְרוֹיסֶע (הָאפֶערְדִיגֶע) וֶוערְטֶער וָואס
דָאס הָארְן הָאט גֶערֶעט. אוּנְד אִיךְ הָאבּ
צוּגֶעזֶעהֶען בִּיז דִיא חַיָה אִיז גֶעהַרְגֶעט
גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיהְר גוּף פֶערְנִיכְטֶעט,
אוּנְד אִיז אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ
דֶעם בְּרֶענֶענְדִיגֶען פַייעֶר:
12 אוּנְד וָואס אָנְבֶּעלַאנְגְט דִיא אַנְ־
דֶערֶע חַיוֹת, זֵיירֶע גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט אִיז
אָפְּגֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען, אוּנְד אַ דֶערְלֶענְ־
גֶערוּנְג פוּן לֶעבֶּען אִיז צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען
גֶעוָוארֶען בִּיז צוּ אַ בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייט:
13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ (וִוידֶער אַמָאל)
גֶעזֶעהֶען אִין דֶער זֶעהוּנְג בַּייא נַאכְט,
אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז אֵיינֶער גֶעקוּמֶען
מִיט דִיא וָואלְקֶען פוּן הִימֶעל אַזוֹי וִויא
אֵיין מֶענְשֶׁען־זוּהְן, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם וָואס אִיז פוּן אַלְטֶע
טֶעג אָן, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם נָאהֶענְט
גֶעבְּרֶענְגְט פַאר אִיהְם:
14 אוּנְד צוּ אִיהְם אִיז גֶעגֶעבֶּען
גֶעוָוארֶען גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט אוּנְד כָּבוֹד
אוּנְד רֶעגִירוּנְג (אַ מַלְכוּת), אַז אַלֶע
פֶעלְקֶער, אוּנְד אוּמוֹת, אוּנְד לְשׁוֹנוֹת
זָאלֶען אִיהְם דִינֶען, זֵיינֶע גֶעוֶועלְטִיגְ־
קֵייט אִיז אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט
וָואס זָאל נִיט אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען, אוּנְד
זֵיין קֶענִיגְרֵייךְ זָאל נִיט פֶערְדָארְבֶּען
וֶוערֶען:
15 אוּנְד אִיךְ, דָנִיאֵל, בִּין אִין מֵיין
גֵייסְט בֶּעטְרִיבְּט גֶעוֶועזֶען, אִין מֵיין
קֶערְפֶּער, אוּנְד דִיא זֶעהוּנְג פוּן מֵיין
קָאפּ הָאט מִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען:
16 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ

אײנֶעם װאָס אִיז דֶערנֶעבֶּען גֶעשְׁטַאנ־
גֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ פוּן אִיהְם
גֶעפְרֶעגְט דֶעם אֶמֶת פוּן װֶעגֶען דֶעם
אַלֶעם; אַזוֹי הָאט עֶר עֶס מִיר גֶעזָאגְט,
אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעמַאכְט װִיסֶען
דִיא בֶּעדֵייטוּנְג פוּן דִיא זַאכֶען:
17 דִיא דָאזִיגֶע גְרױסֶע חַיוֹת, װָאס
זֶענֶען פִיעֶר, דָאס זֶענֶען פִיעֶר מְלָכִים
װָאס װֶעלֶען אױפְשְׁטֵיין פוּן דֶער עֶרְד:
18 אָבֶּער דִיא הֵיילִיגֶע פוּן דֶעם
אױבֶּערשְׁטֶען (גָאט) װֶעלֶען דָאס מַלְכוּת
בֶּעקוּמֶען (מְקַבֵּל זַיין), אוּנְד זֵייא
װֶעלֶען דָאס מַלְכוּת יַרְשְׁנְ'ן אױף אֵייר־
בִּיג, אַפִילוּ בִּיז אױף אִימֶער אוּנְד
אֵייבִּיג:
19 דֶענְסְמָאל הָאבּ אִיךְ גֶעװָאלְט
עֶפֶּעס בֶּעשְׁטִימְטֶעס װִיסֶען פוּן דֶער
פִיעֶרְטֶע חַיָה, װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען
גַאנְץ אַנְדֶערְשׁ פוּן אַלֶע אַנְדֶערֶע,
זֶעהְר פָארְכְטֶערְלִיךְ, מִיט אֵייזֶערְנֶע
צֵיהְן אוּנְד קוּפֶּערְנֶע נֶענֶעל; װָאס
הָאט גֶעפְרֶעסֶען אוּנְד אִין שְׁטִיקֶלֶעךְ
צוּבְּרָאכֶען, אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע מִיט
זַיינֶע פִיס צוּטְרֶעטֶען:
20 אוּנְד פוּן װֶעגֶען דִיא צֶעהְן הֶערְ־
נֶער װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען אױף זַיין קָאפּ,
אוּנְד דָאס אֵיינֶע װָאס אִיז אַרױפְגֶע־
קוּמֶען, פַאר װֶעלְכֶען דְרֵייא זֶענֶען
גֶעפַאלֶען, אַפִילוּ פַאר דֶעם הָארְן װָאס
הָאט גֶעהַאט אױגֶען, אוּנְד אַ מױל
װָאס הָאט גֶערֶעט הָאפֶערְדִיגֶע װֶערְ־
טֶער, װֶעמֶעס אױסְזֶעהֶען אִיז גֶעװֶעזֶען
מֶעהְר װִיא פוּן זַיינֶע חַבְרוּתָה:
21 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַז דָאס
דָאזִיגֶע הָארְן הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען
מִיט דִיא הֵיילִיגֶע פוּן דֶעם אױבֶּערשְׁטֶען
אוּנְד אִיז זֵייא בֵּייגֶעקוּמֶען:
22 בִּיז דֶער װָאס אִיז פוּן דִיא אַלְטֶע
טֶעג אָן אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד דָאס
מִשְׁפָּט אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעװָארֶען צוּ דִיא
הֵיילִיגֶע פוּן דֶעם אױבֶּערשְׁטֶען, אוּנְד
דִיא צֵייט אִיז גֶעקוּמֶען װֶען דִיא
הֵיילִיגֶע הָאבֶּען גֶע'יַרְשְׁ'ת דָאס מַלְכוּת:
23 עֶר הָאט אַזוֹי גֶעזָאגְט, דִיא
פִיעֶרְטֶע חַיָה װֶעט זַיין אַ פִיעֶרְטֶעס
מַלְכוּת אױף דֶער עֶרְד, װָאס װֶעט זַיין
גַאנְץ אַנְדֶערְשְׁט פוּן אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶע,
אוּנְד װָאס װֶעט דִיא גַאנְצֶע עֶרְד
פֶערְדַארְבֶּען, אוּנְד צוּטְרֶעטֶען, אוּנְד
(אִין שְׁטִיקֶלֶעךְ) צוּבְּרֶעכֶען:
24 אוּנְד דִיא צֶעהְן הֶערְנֶער פוּן
דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען מַלְכוּת, דָאס בֶּעדֵייט אַז
צֶעהְן מְלָכִים װֶעלֶען אױפְשְׁטֵיין, אוּנְד
נָאךְ זֵייא װֶעט אֵיין אַנְדֶערֶער אױפְ־
שְׁטֵיין, אוּנְד עֶר װֶעט זַיין גַאנְץ
אַנְדֶערְשְׁט פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע, אוּנְד עֶר
װֶעט אוּנְטֶערְטֶענִיג מַאכֶען דְרֵייא
מְלָכִים:
25 אוּנְד עֶר װֶעט רֶעדֶען הָאפֶערְדִיגֶע
װֶערְטֶער קֶעגֶען דֶעם אױבֶּערשְׁטֶען,
אוּנְד עֶר װֶעט (מִיד מַאכֶען) פֶערְדַאר־
בֶּען דִיא הֵיילִיגֶע פוּן דֶעם אױבֶּערשְׁטֶען,
אוּנְד עֶר װֶעט טְרַאכְטֶען צוּ פֶערֶענְדֶערְן
צֵייטֶען אוּנְד גֶעזֶעץ, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען
גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען אִין זַיינֶע הַאנְד בִּיז
פַאר אַ צֵייט, אוּנְד צֵייטֶען, אוּנְד אַ
הַאלְבֶּע צֵייט:
26 דֶערְנָאךְ װֶעט עֶר זִיךְ זֶעצֶען צוּ
דֶעם מִשְׁפָּט, אוּנְד מֶען װֶעט זַיינֶע
גֶעװֶעלְטִיגְקֵייט אַװֶעקְנֶעמֶען, כְּדֵי עֶס
צוּ פֶערְטִילְגֶען אוּנְד פֶערְלִירֶען צוּ
מַאכֶען בִּיז צוּ דֶעם סוֹף:
27 אוּנְד דָאס מַלְכוּת, אוּנְד דִיא
גֶעװֶעלְטִיגְקֵייט, אוּנְד דִיא גְרױסְקֵייט

פוּן

פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ אוּנְטֶער דֶעם גַאנְצֶען הִימֶעל זָאל גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ דֶעם הֵיילִיגֶען פָאלְק פוּן דֶעם אוֹיבֶּערשְׁטֶען, וֶועמֶעס קֶענִיגְרֵייךְ אִיז אֵיין אֵייבִּיגֶעס קֶענִיגְרֵייךְ, אוּנְד אַלֶע גֶעוָועלְטִיגְקֵייטֶען וֶועלֶען אִיהְם דִינֶען אוּנְד גֶעהָארְכֶען:

28 בִּיז דָא אַהֶער אִיז דֶער סוֹף פוּן דֶער זַאךְ. וָואס אַן מִיר דָנִיאֵל׳ אָנְבֶּעלַאנְגְט, מֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען מִיךְ זֶעהְר דֶערשְׁרָאקֶען, אוּנְד מֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט הָאט זִיךְ אִין מִיר פֶערֶענְדֶערְט, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דִיא זַאךְ גֶעהִיט אִין מֵיין הַארְץ:

קאפיטעל ח

1 אִין דֶעם דְרִיטֶען יָאהְר פוּן דֶער רֶעגִירוּנְג פוּן בֵּלְשַׁאצַר הַמֶּלֶךְ אִיז אַ זֶעהוּנְג פוּן מִיר דָנִיאֵל גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען, נָאכְדֶעם וָואס הָאט זִיךְ צוּ מִיר שׁוֹין בֶּעוִויזֶען אִין דֶעם אָנְפַאנְג:

2 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אִין דֶעם גֶעזִיכְט, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין מֵיין זֶעהֶען דָאס אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אִין דֶער הוֹיפְּט־שְׁטָאט שׁוּשַׁן, וָואס אִיז אִין דֶער מְדִינָה עֵילָם, אוּנְד וִויא אִיךְ הָאבּ (וֵוייטֶער) גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעוֶועזֶען בֵּייא דֶעם טֵייךְ אוּלָי:

3 אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע אוֹיגֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה אַ וִוידֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פָאר דֶעם טֵייךְ וָואס הָאט גֶעהַאט צְוֵוייא הֶערְנֶער, אוּנְד דִיא הֶערְנֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען הוֹיךְ, אָבֶּער אֵיינְס אִיז גֶעוֶועזֶען הֶעכֶער וִויא דָאס אַנְדֶערֶע, אָבֶּער דָאס הֶעכֶערֶע אִיז צוּם לֶעצְטֶען אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען:

4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַז דֶער וִוידֶער הָאט גֶעשְׁטוֹיסֶען אוֹיף מַעֲרָב־זֵייט אוּנְד אוֹיף צָפוֹן־זֵייט אוּנְד אוֹיף דָרוֹם־זֵייט, אַזוֹי דָאס קֵיין אֵיינְצִיגֶע חַיָה הָאט גֶעקֶענְט פָאר אִיהְם בֶּעשְׁטֵיין, אוּנְד קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעקֶענְט מַצִיל זֵיין פוּן זֵיינֶע הַאנְד, נֵייעֶרְט עֶר הָאט גֶעטְהוּן וָואס עֶר הָאט גֶעוָואלְט, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גְרוֹיס גֶעמַאכְט:

5 אוּנְד וִויא אִיךְ הָאבּ עֶס אַזוֹי בֶּעטְרַאכְט, זֶעה, אַזוֹי אִיז אַ צִיגֶענְבָּאק אָנְגֶעקוּמֶען פוּן מַעֲרָב־זֵייט אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד, אָבֶּער עֶר הָאט נִיט אַמָאל אָנְגֶערִיהְרְט דִיא עֶרְד, אוּנְד דֶער צִיגֶענְבָּאק הָאט גֶעהַאט אֵיין אָנְזֶעהְנְלִיכֶעס הָארְן צְוִוישֶׁען זֵיינֶע אוֹיגֶען:

6 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם וִוידֶער וָואס הָאט צְוֵוייא הֶערְנֶער, וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעזֶעהֶען שְׁטֵיין פָאר דֶעם טֵייךְ, אוּנְד עֶר אִיז צוּ אִיהְם צוּגֶעלָאפֶען מִיט זֵיין קְרֶעפְטִיגֶען צָארְן:

7 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעזֶעהֶען אַז עֶר הָאט גֶעגְרֵייכְט צוּ דֶעם וִוידֶער, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ קֶעגֶען אִיהְם דֶערְבִּיטֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט דֶעם וִוידֶער גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם זֵיינֶע צְוֵוייא הֶערְנֶער צוּבְּרָאכֶען, אוּנְד עֶס אִיז קֵיין כּוֹחַ גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם וִוידֶער פָאר אִיהְם צוּ בֶּעשְׁטֵיין, נֵייעֶרְט עֶר הָאט אִיהְם צוּ דֶער עֶרְד גֶעוָוארְפֶען אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם צוּטְרֶעטֶען, אוּנְד עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט דָא גֶעוֶועזֶען וָואס זָאל דֶעם וִוידֶער מַצִיל זֵיין אוֹיס זֵיינֶע הַאנְד:

8 דַארִיבֶּער הָאט זִיךְ דֶער צִיגֶענְבָּאק זֶעהְר גְרוֹיס גֶעמַאכְט, אוּנְד וֶוען עֶר

אִיז שְׁטַארְק גֶעוָוארֶען אַזוֹי הָאט זִיךְ
דָאס גְרוֹיסֶע הָארְן צוּבְּרָאכֶען, אוּנְד
פִּיעֶר אַנְדֶערֶע אָנְזֶעהְנְלִיכֶע זֶענֶען
דֶערְפַאר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, קֶעגֶען דִיא
פִּיעֶר ווִינְדֶען פוּן דֶעם הִימֶעל:
9 אוּנְד פוּן אֵיינֶעם פוּן זֵייא אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַ קְלֵיין הָארְן וָואס
אִיז זֶעהְר גְרוֹיס גֶעוָוארֶען, קֶעגֶען דָרוֹם
אוּנְד קֶעגֶען מִזְרַח אוּנְד קֶעגֶען דֶעם
שֵׁיינֶעם (גְלוֹסְטִיגֶען) לַאנְד:
10 אוּנְד עֶס אִיז אַזוֹי גְרוֹיס גֶעוָוארֶען,
אַפִּילוּ בִּיז צוּ דִיא חַיָילוֹת פוּן הִימֶעל,
אוּנְד עֶס הָאט אַרוּפְּגֶעוָוארְפֶען עֶטְלִיכֶע
פוּן דִיא חַיָילוֹת אוּנְד פוּן דִיא שְׁטֶערְן
צוּ דֶער עֶרְד אוּנְד הָאט זֵייא צוּ־
טְרֶעטֶען:
11 אוּנְד עֶס הָאט זִיךְ גְרוֹיס גֶעמַאכְט
אַפִּילוּ בִּיז צוּ דֶעם הַאר אִיבֶּער דִיא
חַיָילוֹת, אוּנְד פוּן אִיהְם זֶענֶען אַוֶועקְ־
גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען דָאס בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶע
קָרְבָּן, אוּנְד עֶר הָאט אַרוּפְּגֶעוָוארְפֶען
דִיא אָנְבְּרֵייטוּנְג פוּן זֵיין בֵּית הַמִקְדָשׁ:
12 אוּנְד אַ הֶערְשַׁאפְט אִיז גֶעגֶעבֶּען
גֶעוָוארֶען אִיבֶּער דֶעם קָרְבָּן הַתָּמִיד
פוּן וֶועגֶען דִיא זִינְד, עֶס הָאט דֶעם
אֱמֶת צוּ דֶער עֶרְד גֶעוָוארְפֶען, אוּנְד
הָאט עֶס גֶעטְהוּן אוּנְד בֶּעגְלִיקְט:
13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אֵיין
הֵיילִיגֶען רֶעדֶען, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער
הֵיילִיגֶער הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פֶערְ־
בָּארְגֶענֶעם (פַּלְמוֹנִי) וָואס הָאט גֶעְ־
רֶעט, בִּיז ווִיא לַאנְג וֶועט דִיא נְבִיאָה
וֶועגֶען דֶעם בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶען קָרְבָּן אוּנְד
וֶועגֶען דֶער זִינְד פוּן פֶערְווִיסְטוּנְג זֵיין
אַז דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּנְד דִיא הֶערְ־
שַׁאפְט זָאל אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּם
צוּטְרֶעטֶען אוּנְטֶער דִיא פִּיס?

14 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט
בִּיז אָבֶענְדְס מָארְגֶענְס צְווֵייא טוֹיזֶענְד
דְרַייא הוּנְדֶערְט, דֶענְסְמָאל וֶועט דָאס
הֵיילִיגֶע גֶערֶעכְט וֶוערֶען:
15 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אַז וֶוען
אִיךְ, דָנִיאֵל, הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא נְבוּאָה,
אוּנְד הָאבּ גֶעזוּכְט צוּ פֶערְשְׁטֵיין, זֶעה,
אַזוֹי אִיז אֵיינֶער פַאר מִיר גֶעשְׁטַאנֶען
אִין דֶער גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ מַאן:
16 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ קוֹל
פוּן אַ מֶענְשׁ פוּן צְווִישֶׁען (דֶעם טֵייךְ)
אוּלָי, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גַבְרִיאֵל, מַאךְ דֶעם
דָאזִיגֶען פֶערְשְׁטֵיין דִיא זֶעהוּנְג (נְבוּאָה):
17 אַזוֹי אִיז עֶר נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען
אַוָואוּ אִיךְ בִּין גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד וֶוען
עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מִיךְ
דֶערְשְׁרָאקֶען אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעפַאלֶען
אוֹיף מֵיין פָּנִים, אוּנְד עֶר הָאט צוּ
מִיר גֶעזָאגְט, פֶערְשְׁטֵייא עֶס, אוֹי דוּא
מֶענְשֶׁען־זוּהְן וָוארִין דִיא נְבוּאָה אִיז צוּ
דֶער צֵייט פוּן דֶעם עֶנְד:
18 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט מִיט מִיר
גֶערֶעט, אַזוֹי בִּין אִיךְ אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען
גֶעוָוארֶען מִיט מֵיין פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד,
אָבֶּער עֶר הָאט מִיךְ אָנְגֶערִיהְרְט, אוּנְד
עֶר הָאט מִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף
מֵיין בֶּעשְׁטַאנְד:
19 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ
וֶועל דִיר לָאזֶען ווִיסֶען דָאס וָואס וֶועט
זֵיין אִין דֶעם לֶעצְטֶען צָארְן, וָוארִין
אִין דֶער בֶּעשְׁטִימְטֶער צֵייט וֶועט זֵיין
דָאס עֶנְד:
20 דֶעם ווִידֶער וָואס דוּא הָאסְט
גֶעזֶעהֶען מִיט צְווֵייא הֶערְנֶער, זֶענֶען
דִיא קֶענִיגֶע פוּן מָדַי אוּנְד פָּרָס:
21 אוּנְד דֶער צִיגֶענְבָּאק דָאס אִיז

דער

דער מֶלֶךְ פוּן יָוָן (גְרִיכֶענלַאנְד), אוּנְד דֶער גְרוֹיסֶער הָארְן וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען זַיינֶע אוֹיגֶען, דָאס אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער מֶלֶךְ׃

22 אוּנְד וֶועגֶען דֶעם אָפְּגֶעבְּרָאכֶענֶעם, אוּנְד וָואס פִיעֶר זֶענֶען אִין דֶער שְׁטֶעל אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, דָאס בֶּעדַייט אַז פִיעֶר קֶענִיגְרַייכֶע וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין פוּן דֶעם פָאלְק, אָבֶער נִיט וִויא אִין זַיינֶער קְרַאפְט׃

23 אוּנְד אַם עֶנְד פוּן זֵייעֶר קֶענִיגְרֵייךְ, וֶוען דִיא פּשָׁעִים וֶועלֶען פֶערלֶענְט וֶוערֶען וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין אַ מֶלֶךְ פוּן אַ הַארְט (עַזּוּת) פָּנִים, עֶר וֶועט פֶערְשְׁטֵיין רֶעטֶענִיסֶען׃

24 אוּנְד זַיינֶע קְרַאפְט וֶועט שְׁטַארְק זַיין, אָבֶער דָאךְ נִיט אִין זַיינֶע אֵייגֶענֶע קְרַאפְט, אוּנְד עֶר וֶועט וְואוּנְדֶערְלִיךְ פֶערְדַארְבֶּען, אוּנְד עֶר וֶועט בֶּעגְלִיקֶען אוּנְד טְהוּן (זַיין ווִילֶען), עֶר וֶועט פֶערְדַארְבֶּען שְׁטַארְקֶע, אוּנְד אַפִילוּ דָאס הֵיילִיגֶע פָאלְק׃

25 אוּנְד פוּן וֶועגֶען זַיין שֵׂכֶל וֶועט אַפִילוּ דִיא פַאלְשְׁהֵייט בֶּעגְלִיקֶען אִין זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד אִין זַיין הַארְץ וֶועט עֶר זִיךְ גְרוֹיס מַאכֶען, אוּנְד מִיט שַׁלְוָה וֶועט עֶר פִילֶע פֶערְדַארְבֶּען, אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ אוֹיפְשְׁטֶעלֶען קֶעגֶען דֶעם פִירְשְׁט אִיבֶּער דִיא פִירְשְׁטֶען, אָבֶער עֶר וֶועט אָהְן אַ הַאנְד צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען׃

26 אוּנְד דִיא נְבוּאָה פוּן דֶעם אָבֶענְד אוּנְד מָארְגֶען וָואס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען דָאס אִיז אֱמֶת, אָבֶער דוּא זָאלְסְט דִיא נְבוּאָה פֶערשְׁטָאפֶּען (בֶּעהַאלְטֶען) וָוארִין עֶס וֶועט עֶרְשְׁט זַיין אִין פִילֶע טֶעג׃

27 אוּנְד אִיךְ, דָנִיאֵל־אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא אַ קְרַאנְקֶער, עֶטְלִיכֶע טֶעג, אוּנְד דָאךְ בִּין אִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן דִיא מְלָאכָה פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אָבֶער אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען פֶערְוְואוּנְדֶערְט וֶועגֶען דֶער זֶעהוּנְג, אָבֶער קֵיינֶער הָאט עֶס נִיט פֶערשְׁטַאנֶען׃

## קאפיטעל ט

1 אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען יָאהְר פוּן דָרְיָוֶשׁ זוּהְן פוּן אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ פוּן דִיא זֶרַע מָדַי, וָואס הָאט רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער דֶעם מַלְכוּת פוּן דִיא כַּשְׂדִּים׃

2 אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען יָאהְר פוּן זַיינֶע רֶעגִירוּנְג, הָאבּ אִיךְ דָנִיאֵל, פֶערְשְׁטַאנֶען דוּרְךְ דִיא סְפָרִים, דִיא צָאהְל פוּן דִיא יָאהְרֶען, פוּן וָואס דָאס וָוארְט פוּן יְהֹוָה אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָה הַנָּבִיא, כְּדֵי צוּ דֶערְפִילֶען פוּן דֶעם חוּרְבָּן יְרוּשָׁלַיִם זִיבֶּעצִיג יָאהְר׃

3 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען מֵיין פָּנִים צוּ דֶעם הַאר גָאט כְּדֵי צוּ זוּכֶען מִיט גֶעבֶּעט אוּנְד תְּחִנָּה, אוּנְד פַאסְטֶען מִיט זַאק אוּנְד אַשׁ׃

4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעבֶּעטֶען צוּ יְהֹוָה מֵיין גָאט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִתְוַדָּה גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אוֹי דוּא גְרוֹיסֶער אוּנְד פָארְכְטֶערְלִיכֶער הַאר גָאט! וָואס טְהוּסְט הַאלְטֶען דֶעם בּוּנְד אוּנְד דִיא גְנָאד, צוּ דִיא וָואס לִיבֶּען אִיהְם, אוּנְד הִיטֶען זַיינֶע מִצְוֹת׃

5 מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד מִיר הָאבֶּען פֶערקְרִימְט, אוּנְד מִיר הָאבֶּען שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן, אוּנְד מִיר הָאבֶּען מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען, אוּנְד מִיר הָאבֶּען אוּנְס אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט פוּן דֵיינֶע מִצְוֹת אוּנְד פוּן דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים׃

6 אוּנְד מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעהָארְכְט
צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט, דִיא נְבִיאִים וָואס
הָאבֶּען גֶערֶעט אִין דֵיין נָאמֶען צוּ
אוּנְזֶערֶע מְלָכִים, אוּנְזֶערֶע פִירְשְׁטֶען
אוּנְד אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד צוּ דֶעם
גַאנְצֶען פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד:
7 צוּ דִיר, אוֹי הַאר, אִיז דִיא גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט, אָבֶּער צוּ אוּנְס אַ פֶערְ־
שֶׁעמְטֶעס פָּנִים אַזוֹי וִויא עֶס אִיז דֶעם
הֵיינְטִיגֶען טָאג, צוּ דִיא מֶענֶער פוּן
יְהוּדָה אוּנְד צוּ דִיא בֶּעווָאוינֶערְס פוּן
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד צוּ גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, דִיא
נָאהֶענְטֶע אוּנְד וֵויְיטֶע אִין אַלֶע לֶענְדֶער,
אַווָאוּ דוּא הָאסְט זֵייא דָארְט אַהִין
פֶערְשְׁטוֹיסֶען, וֶועגֶען אִיהְרֶע זִינְד מִיט
וָואס זֵייא הָאבֶּען קֶעגֶען דִיר גֶע־
זִינְדִיגְט:
8 אוֹי הַאר! צוּ אוּנְס גֶעהֶערְט אַ
פֶערְשֶׁעמְטֶעס פָּנִים, צוּ אוּנְזֶערֶע מְלָכִים,
צוּ אוּנְזֶערֶע פִירְשְׁטֶען אוּנְד צוּ אוּנְזֶע־
רֶע עֶלְטֶערְן, וֵוייל מִיר הָאבֶּען קֶעגֶען
דִיר גֶעזִינְדִיגְט:
9 צוּ דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט אִיז
דִיא בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּנְד דִיא פֶערְגֶע־
בּוּנְג, וָוארִין מִיר הָאבֶּען קֶעגֶען
אִיהְם מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען:
10 אוּנְד מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעהָארְכְט
צוּ דֶעם קוֹל פוּן יְהוָֹה אוּנְזֶער גָאט,
צוּ גֵיין אִין זֵיינֶע תּוֹרָה וָואס עֶר הָאט
פַאר אוּנְס גֶעגֶעבֶּען, דוּרְךְ זֵיינֶע
קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים:
11 אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען עוֹבֵר
גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֵיינֶע תּוֹרָה, אוּנְד
הָאבֶּען זִיךְ אָפְּגֶעקֶעהְרְט, דָאס זֵייא
זָאלֶען נִיט צוּהֶערֶען אַן דֵיין קוֹל, דָא־
רִיבֶּער אִיז אִיבֶּער אוּנְס אוֹיסְגֶעגָאסֶען
גֶעוָוארֶען דִיא קְלָלָה אוּנְד דִיא שְׁבוּעָה
וָואס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער תּוֹרָה
פוּן מֹשֶׁה, גָאטְ'ס קְנֶעכְט, וֵוייל מִיר
הָאבֶּען קֶעגֶען אִיהְם גֶעזִינְדִיגְט:
12 אוּנְד עֶר הָאט מְקַיֵים גֶעוֶועזֶען
זֵיינֶע רֵייד וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט אִיבֶּער
אוּנְס אוּנְד אִיבֶּער אוּנְזֶערֶע שׁוֹפְטִים
וָואס הָאבֶּען אוּנְס גֶערִיכְטֶעט, כְּדֵי
אִיבֶּער אוּנְס צוּ בְּרֶענְגֶען דָאס גְרוֹיסֶע
שְׁלֶעכְטֶעס, (אַ זָאלְכֶעס) וָואס אִיז נִיט
גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען אוּנְטֶער דֶעם גַאנְצֶען
הִימֶעל אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעטְהוּן גֶע־
וָוארֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם:
13 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען
אִין תּוֹרַת מֹשֶׁה, אַלֶעס דָאס דָאזִיגֶע
שְׁלֶעכְטֶע אִיז אִיבֶּער אוּנְס גֶעקוּמֶען;
אוּנְד דָאךְ הָאבֶּען מִיר נִיט אָנְגֶעבֶּעטֶען
דָאס פָּנִים פוּן יְהוָֹה אוּנְזֶער גָאט, כְּדֵי
מִיר זָאלֶען אָפְּקֶעהְרֶען פוּן אוּנְזֶערֶע
זִינְד, אוּנְד קְלוּג צוּ וֶוערֶען אִין דֵיינֶע
וָואהְרְהֵייט:
14 דָארִיבֶּער הָאט יְהוָֹה גֶעווַאכְט
אִיבֶּער דֶעם בֵּייזֶען, אוּנְד עֶר הָאט עֶס
אִיבֶּער אוּנְס גֶעבְּרֶענְגְט; וָוארִין יְהוָֹה
אוּנְזֶער גָאט אִיז גֶערֶעכְט אִיבֶּער אַלֶע
זֵיינֶע מַעֲשִׂים וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן,
וָוארִין מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעהָארְכְט צוּ
דֵיין קוֹל:
15 אוּנְד אַצוּנְד, אוֹי הַאר, אוּנְזֶער
גָאט, וָואס דוּא הָאסְט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט
דֵיין פָאלְק אוֹיס דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם,
מִיט אַ שְׁטַארְקֶע הַאנְד, אוּנְד דוּא
הָאסְט דִיר גֶעמַאכְט אַ שֵׁם אַזוֹי וִויא
עֶס אִיז דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג, מִיר
הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט אוּנְד מִיר הָאבֶּען
שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן:
16 אוֹי הַאר! נָאךְ אַלֶע דֵיינֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט בֶּעט אִיךְ דִיךְ לָאז דָאךְ

אָפְּקֶעהְרֶען דֵיין צָארְן אוּנְד דֵיין גְרִימְ־
צָארְן פוּן דֵיינֶע שְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם, דֵיין
הֵיילִיגֶער בַּארְג, וָוארִין וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע
זִינְד אוּנְד וֶועגֶען דִיא זִינְד פוּן אוּנְזֶע־
רֶע עֶלְטֶערְן אִיז יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד דֵיין
פָאלְק גֶעוָוארֶען פַאר אַ חֶרְפָּה, צוּ
אַלֶע וָואס זֶענֶען אַרִינְגְם אַרוּם אוּנְס:
17 אוּנְד אַצוּנְד, אוֹי אוּנְזֶער גָאט,
הֶער צוּ דֶעם גֶעבֶּעט פוּן דֵיין קְנֶעכְט,
אוּנְד צוּ זֵיינֶע תְּחִנָּה, אוּנְד לָאז דֵיין
פָּנִים לֵייכְטֶען אִיבֶּער דֵיין בֵּית הַמִקְדָשׁ
וָואס אִיז פֶערְוִויסְט פוּן וֶועגֶען דֶעם
הַאר:
18 אוֹי מֵיין גָאט, נֵייג דָאךְ דֵיינֶע
אוֹיעֶרְן אוּנְד הֶער; מַאךְ אוֹיף דֵיינֶע
אוֹיגֶען אוּנְד זֶעה אוּנְזֶערֶע פֶערְוִויסְ־
טוּנְג, אוּנְד דִיא שְׁטָאט אוֹיף וֶועלְכֶער
דֵיין נָאמֶען אִיז אָנְגֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען;
וָוארִין עֶס אִיז נִיט פוּן וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דָאס מִיר טְהוּן (מִיט)
אוּנְזֶערֶע גֶעבֶּעטֶע פַאר דִיר אַנִידֶערְ־
פַאלֶען, נֵייעֶרְט פוּן וֶועגֶען דֵיינֶע
גְרוֹיסֶע בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט:
19 אוֹי הַאר, הֶער דָאךְ, אוֹי הַאר
פֶערְגֶעבּ, אוֹי הַאר פֶערְנֶעם דָאךְ, אוּנְד
טְהוּא עֶס אוּנְד פֶערְזוֹים דִיךְ נִיט, פוּן
דֵיינֶעטְוֶועגֶען אוֹי מֵיין גָאט, וָוארִין דֵיין
נָאמֶען אִיז דָאךְ אָנְגֶערוּפֶען אִיבֶּער
דֵיינֶע שְׁטָאט אוּנְד אִיבֶּער דֵיין פָאלְק:
20 אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ נָאךְ גֶערֶעט,
אוּנְד הָאבּ גֶעבֶּעטֶען אוּנְד מִתְוַדָּה
גֶעוֶועזֶען מֵיינֶע זִינְד אוּנְד דִיא זִינְד
פוּן מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
גֶעמַאכְט פַאלֶען מֵיינֶע תְּחִנָּה פַאר
יְהֹוָה מֵיין גָאט, וֶועגֶען דֶעם הֵיילִיגֶען
בַּארְג פוּן מֵיין גָאט:
21 אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ נָאךְ (אַזוֹי)
גֶערֶעט אִין דֶעם גֶעבֶּעט, אַזוֹי אִיז
דֶער מַאן גַבְרִיאֵל, וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען אִין דֶעם גֶעזִיכְט (בִּנְבוּאָה)
אִים אָנְהֵייבּ, עֶר אִיז גֶעשְׁוִוינְד גֶע־
פְלוֹיגֶען, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אָנְגֶערִיהְרְט
אִין דֶער מִנְחָה צֵייט, קֶעגֶען אָבֶּענְד:
22 עֶר הָאט מִיר צוּ פֶערְשְׁטֵיין
גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט מִיט מִיר
גֶערֶעט, אוּנְד גֶעזָאגְט, אוֹי דָנִיאֵל!
אִיךְ בִּין אַצוּנְד אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען כְּדֵי
אִיךְ זָאל דִיךְ קְלוּג מַאכֶען צוּ פֶער־
שְׁטֵיין:
23 אִין דֶעם אָנְהֵייבּ פוּן דֵיין גֶעבֶּעט
אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דֶער בֶּעפֶעהְל,
אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען כְּדֵי עֶס דִיר
אָנְצוּזָאגֶען, וָוארִין דוּא בִּיזְט אַ בֶּעלִיבְּ־
טֶער, דָארִיבֶּער פֶערְשְׁטֵייא דִיא זַאךְ,
אוּנְד בֶּעטְרַאכְט (גוּט) דִיא נְבוּאָה:
24 זִיבֶּעצִיג וָואכֶען (שְׁמִיטוֹת) זֶענֶען
בֶּעשְׁטִימְט גֶעוָוארֶען אִיבֶּער דֵיין פָאלְק
אוּנְד אִיבֶּער דֵיינֶע הֵיילִיגֶע שְׁטָאט,
כְּדֵי צוּ פֶערְלֶענְדֶען דִיא זִינְד אוּנְד צוּ
פֶערְזִיגֶעלְן דִיא חַטָאִים, אוּנְד מְכַפֵּר
צוּ זֵיין פוּן וֶועגֶען דֶער אוּמְגֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט, אוּנְד אַרֵיינְצוּבְּרֶענְגֶען אֵייבִּיגֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד צוּ פֶערְזִיגֶעלְן
דִיא זֶעהוּנְג אוּנְד דִיא נְבוּאָה, אוּנְד צוּ
זַאלְבֶּען דֶעם אַלֶערְהֵיילִיגְסְטֶען:
25 דָארִיבֶּער זָאלְסְט דוּא וִויסֶען אוּנְד
פֶערְשְׁטֵייא דָאס פוּן דֶעם אַרוֹיסְגֵיין
פוּן דֶעם בֶּעפֶעהְל, בִּיז מֶען וֶועט
צוּרִיקְגֵיין אוּנְד ווידֶער אוֹיפְבּוֹיעֶן
יְרוּשָׁלַיִם בִּיז צוּ דֶעם מָשִׁיחַ דֶעם
פִירְשְׁט, וֶועט זֵיין זִיבֶּען וָואכֶען
(שְׁמִיטוֹת), אוּנְד צְוֵוייא אוּנְד זֶעכְצִיג
וָואכֶען (שְׁמִיטוֹת); אַזוֹי וֶועט מֶען
צוּרִיקְקֶעהְרֶען אוּנְד ווידֶער אוֹיפְבּוֹיעֶן

דִיא גַאסֶען אוּנְד דִיא מוֹיעֶרְן, חָאטְשֶׁע
עֶס װֶעט זַיין אִין עֶנְגֶע (צָרָה) צַייטֶען׃
26 אָבֶּער נָאךְ דִיא צְוֵוייא אוּנְד
זֶעכְצִיג וָואכֶען וֶועט דֶער מָשִׁיחַ אָפְּגֶע־
שְׁנִיטֶען װֶערֶען אָבֶּער נִיט פַאר זִיךְ
אַלֵיין, אוּנְד דִיא שְׁטָאט אוּנְד דָאס
בֵּית הַמִקְדָשׁ װֶעט פֶערְדָארְבֶּען (חָרוּב)
װֶערֶען דוּרךְ דֶעם פָאלְק פוּן דֶעם
פִירְשְׁט וָואס װֶעט אָנְקוּמֶען, אָבֶּער זַיין
עֶנְד װֶעט זַיין אַזוֹי וִויא אַ פֶערפְלֵייצוּנְג,
אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם עֶנְד וֶועט זַיין
מִלְחָמָה, אוּנְד עֶס וֶועט פֶערשְׁנִיטֶען
װֶערֶען דוּרךְ פֶערְוִויסְטוּנְג׃
27 אוּנְד עֶר וֶועט שְׁטַארְקֶען דֶעם בְּרִית
מִיט פִילֶע פַאר אֵיינֶע וָואךְ, (שְׁמִיטָה),
אוּנְד אִין מִיטֶען פוּן דֶער וָואךְ וֶועט
עֶר פֶערשְׁטֶערְן, (מַאכֶען אוֹיפְהֶערֶען)
דָאס קָרְבָּן זֶבַח אוּנְד מִנְחָה, אוּנְד
אוֹיף דִיא פְלִיגֶעל וֶועט זַיין אוּמְוֶוערְ־
דִיגְקֵייטֶען וָואס וֶועט דָאס מַאכֶען
וִויסְט, אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם עֶנְד וֶועט
דָאס וָואס אִיז בֶּעשְׁטֶעטִיגְט, אוֹיסְגֶע־
גָאסֶען װֶערֶען אִיבֶּער דֶעם פֶערְוִויסְטֶער׃

קאפיטעל י

1 אִין דֶעם דְרִיטֶען יָאהְר, פוּן כּוֹרֶשׁ
מֶלֶךְ פוּן פָּרַס, אִיז אַ זַאךְ עֶנְטְ־
פְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען צוּ דָנִיאֵל, וָואס
זַיין נָאמֶען אִיז גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען
בֵּלְטְשַׁאצַר; אוּנְד דִיא זַאךְ אִיז אֶמֶת,
אוּנְד (עֶס הַאנְדֶעלְט) פוּן גְרוֹיסֶע
חַיָלוֹת, אוּנְד עֶר הָאט בֶּעטְרַאכְט דִיא
זַאךְ, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען
צוּ פֶערשְׁטֵיין דִיא נְבוּאָה׃
2 אִין דִיא דָאזִיגֶע טֶעג, בִּין אִיךְ
דָנִיאֵל טְרוֹיְרִיג גֶעוֶועזֶען אַ צַייט פוּן
דְרַייא וָואכֶען׃
3 אִיךְ הָאבּ קֵיין גְלוּסְטִיגֶעס בְּרוֹיט
נִיט גֶעגֶעסֶען, אוּנְד קֵיין פְלֵיישׁ אוּנְד
קֵיין ווַיין אִיז נִיט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין
מֵיין מוֹיל, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוֹיךְ
נִיט גֶעזַאלְבְּט, בִּיז דִיא דְרַייא וָואכֶען
זֶענֶען דֶערפִילְט גֶעוָוארֶען׃
4 אוּנְד אִין דֶעם פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְ־
צִיגְסְטֶען טָאג פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען
חוֹדֶשׁ, וֶוען אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אִין דֶער
זַייט פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען טֵייךְ, דָאס אִיז
חִדֶקֶל׃
5 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע
אוֹיגֶען אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד
זֶעה, אַ מַאן אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעקְלֵייד
מִיט לֵיינֶענֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זַיינֶע
לֶענְדֶען אָנְגֶעגַארְטֶעלְט מִיט פֵיין־גָאלְד
פוּן אוּפָז׃
6 אוּנְד זַיין גוּף אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי
וִויא אַ כְּרִיסְטָאלִים, אוּנְד זַיין פָּנִים
אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ בְּלִיץ,
אוּנְד זַיינֶע אוֹיגֶען אַזוֹי וִויא פֵייעֶר
פְלַאמֶען, אוּנְד זַיינֶע אָרֶעמֶעס אוּנְד
זַיינֶע פִּיס אַזוֹי וִויא דִיא פַארְבּ פוּן
אוֹיסְגֶעגְלַאנְצְטֶעם קוּפֶּער, אוּנְד דָאס
קוֹל פוּן זַיינֶע וֶוערְטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען
אַזוֹי וִויא דָאס קוֹל פוּן אַ גֶעשְׁרֵייא׃
7 אוּנְד אִיךְ, דָנִיאֵל, הָאבּ אַלֵיין
גֶעזֶעהֶען דִיא גֶעשְׁטַאלְט, אוּנְד דִיא
מֶענֶער וָואס זֶענֶען מִיט מִיר גֶעוֶועזֶען
הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען דִיא גֶעשְׁטַאלְט,
נֵייעֶרְט גְרוֹיסֶע צִיטֶערְנִיס אִיז אִיבֶּער
זֵייא גֶעפַאלֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען עֶנְטְ־
לָאפֶען גֶעוָוארֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
בֶּעהַאלְטֶען׃
8 אוּנְד אִיךְ בִּין גַאנְץ אַלֵיין אִיבֶּערְ־
גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען
דִיא דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע גֶעשְׁטַאלְט, אַזוֹי
אִיז אִין מִיר קֵיין כּוֹחַ נִיט מֶעהְר

אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד מֵיינֶע שֵׁיינְהַייט
הָאט זִיךְ אִיבֶּער מִיר פֶערְקֶעהְרְט צוּ
אַ פֶערְדַארְבּוּנְג, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִין
מִיר נִיט אֵיינְגֶעהַאלְטֶען קַיין כּוֹחַ :
9 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דָאס קוֹל
פוּן זַיינֶע װֶערְטֶער, אוּנְד װָען אִיךְ
הָאבּ גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן זַיינֶע
װֶערְטֶער אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעװֶעזֶען אִין אַ
טִיפֶען שְׁלָאף אוֹיף מֵיין פָּנִים, אוּנְד
מֵיין פָּנִים אִיז גֶעװֶעזֶען אוֹיף דֶער
עֶרְד :
10 אוּנְד זֶעה, אַ הַאנְד הָאט מִיךְ
אָנְגֶערִיהְרְט אוּנְד הָאט מִיךְ בֶּעװֶעגְט
אוֹיף מֵיינֶע קְנִיעֶן אוּנְד אוֹיף מֵיינֶע
הֶענְד :
11 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
אוֹי דָנִיאֵל ! דוּא בִּיזְט אַ גֶעלִיבְּטֶער
מַאן, פֶערְשְׁטֵייא דִיא װֶערְטֶער װָאס
אִיךְ רֶעד צוּ דִיר, אוּנְד שְׁטֵייא אוֹיף
דַיינֶע שְׁטֶעל, װָארִין אִיךְ בִּין אַצוּנְד
צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט גֶעװָארֶען, אוּנְד װֶען
עֶר הָאט דָאס דָאזִיגֶע װָארְט מִיט מִיר
גֶערֶעט אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
הָאבּ גֶעצִיטֶערְט :
12 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
הָאבּ נִיט קַיין מוֹרָא, דָנִיאֵל, װָארִין פוּן
דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אָן אַז דוּא הָאסְט
אַהִינְגֶעגֶעבֶּען דַיין הַארְץ צוּ פֶערְשְׁטֵיין,
אוּנְד דִיךְ צוּ פַּיינִיגֶען פַאר דַיין גָאט,
זֶענֶען דַיינֶע װֶערְטֶער גֶעהֶערְט גֶע-
װָארֶען, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען װֶעגֶען
דַיינֶע װֶערְטֶער :
13 אָבֶּער דֶער פִירְשְׁט פוּן דֶעם
מַלְכוּת פוּן פָּרַס הָאט זִיךְ קֶעגֶען מִיר
גֶעשְׁטֶעלְט שׁוֹין אֵיין אוּנְד צְװַאנְצִיג
טֶעג, אָבֶּער זֶעה, מִיכָאֵל, אֵיינֶער פוּן
דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פִירְשְׁטֶען אִיז גֶע-
קוּמֶען מִיר צוּ הֶעלְפֶען, אוּנְד אִיךְ בִּין
דָארְטֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען בֵּייא (מִיט)
דִיא קֶענִיגֶע פוּן פָּרַס :
14 אוּנְד (אַצוּנְד) בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען
כְּדֵי דִיךְ פֶערְשְׁטֵיין צוּ מַאכֶען דָאס
װָאס װֶעט דַיין פָאלְק אָנְטְרֶעפֶען אִין
דִיא לֶעצְטֶע טֶעג, װָארִין דִיא נְבוּאָה
אִיז נָאךְ פַאר אַ לַאנְגֶע צֵייט :
15 אוּנְד װֶען עֶר הָאט מִיט מִיר
זָאלְכֶע װֶערְטֶער גֶערֶעט, אַזוֹי הָאבּ
אִיךְ מֵיין פָּנִים גֶענֵייגְט אוֹיף דֶער עֶרְד
אוּנְד אִיךְ בִּין פֶערְשְׁטוּמְט גֶעװָארֶען :
16 אוּנְד זֶעה, אֵיינֶער אַזוֹי װִיא דִיא
גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ מֶענְשֶׁען־זוּהְן הָאט
אָנְגֶערִיהְרְט מֵיינֶע לִיפֶּען, אַזוֹי הָאבּ
אִיךְ אוֹיפְגֶעמַאכְט מֵיין מוֹיל, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ גֶערֶעט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט
צוּ דֶעם װָאס אִיז פַאר מִיר גֶעשְׁטַאנֶען,
אוֹי מֵיין הַאר, פוּן װֶעגֶען דֶער זֶעהוּנְג
הָאבֶּען זִיךְ מֵיינֶע צָרוֹת אִיבֶּער מִיר
פֶערְקֶעהְרְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ קֵיין כּוֹחַ
אוֹיסְצוּהַאלְטֶען :
17 אוּנְד װִיא אַזוֹי קֶען דֶער קְנֶעכְט
פוּן דֶעם דָאזִיגֶען מֵיין הַאר, רֶעדֶען
מִיט דֶעם דָאזִיגֶען מֵיין הַאר ? װָאס אַן
מִיר אַנְבֶּעלַאנְגְט, פוּן אַצוּנְד אָן אִיז
שׁוֹין נִיט דָא קַיין כּוֹחַ אִין מִיר, אוּנְד
עֶס אִיז שׁוֹין קֵיינֶע נְשָׁמָה אִין מִיר נִיט
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען :
18 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ נָאכְאַמָאל
אָנְגֶערִיהְרְט, אֵיינֶער אַזוֹי װִיא דִיא
גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ מֶענְשֶׁען־זוּהְן אוּנְד
עֶר הָאט מִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט :
19 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
דוּא זָאלְסְט קַיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען,
דוּא בִּיזְט אַ גְלוֹסְטִיגֶער (בֶּעלִיבְּטֶער)
מַאן, שָׁלוֹם צוּ דִיר, שְׁטַארְק דִיךְ, אוּנְד

זַייא שְׁטַארְק! אוּנְד וָוען עֶר הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, לָאז דָאךְ מֵיין הַאר רֶעדֶען וָוארִין אִיךְ בִּין גֶעשְׁטַארְקְט גֶעוָוארֶען:

20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, ווֵייסְט דוּא פַאר וָואס אִיךְ בִּין צוּ דִיר גֶעקוּמֶען? אוּנְד אַצוּנְד וֶועל אִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט דֶעם פִירְשְׁט פוּן פָּרַס; אוּנְד אַזוֹי בַּאלְד וִויא אִיךְ וֶועל אַרוֹיסְגֵיין, זֶעה, אַזוֹי וֶועט דֶער פִירְשְׁט פוּן יָוָן קוּמֶען:

21 אָבֶּער אִיךְ וֶועל דִיר אָנְזָאגֶען וָואס עֶס אִיז אוּנְטֶערְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם אֶמֶת'ן כְּתָב, אָבֶּער עֶס אִיז נִיט דָא אֵיינֶער וָואס הַאלְט מִיט מִיר אִין דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען נֵייעֶרְט נוּר מִיכָאֵל אֵייעֶר אוֹיבֶּערְשְׁטֶער (הַאר):

קאפיטעל יא

1 אָבֶּער אִיךְ, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען יָאהְר פוּן דָרְיָוֶשׁ דֶער מָדַי, בִּין אִיךְ גֶעשְׁטַאנֶען צוּ אַ שְׁטַארְקְהֵייט אוּנְד אַ פֶעסְטִיגְקֵייט צוּ אִיהְם:

2 אוּנְד אַצוּנְד וֶועל אִיךְ צוּ דִיר דֶעם אֶמֶת אָנְזָאגֶען, זֶעה עֶס וֶועלֶען נָאךְ דְרֵייא מְלָכִים אוֹיפְשְׁטֵיין צוּ פָּרַס, אָבֶּער דֶער פִיעֶרְטֶער וֶועט פִיל רֵייכֶער זַיין פוּן (זַייא) אַלֶע, אוּנְד וָוען עֶר וֶועט זִיךְ שְׁטַארְקֶען אִין זַיין עֲשִׁירוּת אַזוֹי וֶועט עֶר אַלֶע דֶערְוֶועקֶען קֶעגֶען דֶעם מַלְכוּת פוּן יָוָן:

3 אוּנְד עֶס וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין אַ שְׁטַארְקֶער מֶלֶךְ אוּנְד עֶר וֶועט גֶעוֶועלְטִיגֶען מִיט אַ גְרוֹיסֶע גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט, אוּנְד עֶר וֶועט טְהוּן נָאךְ זַיין ווִילֶען:

4 אוּנְד וָוען עֶר וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין אַזוֹי וֶועט זַיין קֶענִיגְרֵייךְ צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען, אוּנְד עֶס וֶועט צוּטֵיילְט וֶוערֶען צוּ דִיא פִיעֶר ווִינְדֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אָבֶּער נִיט צוּ זֵיינֶע נָאכְקוּמֶען (קִינְדֶער), אוּנְד עֶס וֶועט נִיט זַיין אַזוֹי וִויא זֵיינֶע גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט וָואס עֶר הָאט גֶעוֶועלְטִיגְט, נֵייעֶרְט זַיין קֶענִיגְרֵייךְ וֶועט אוֹיסְגֶערִיסֶען וֶוערֶען אוּנְד עֶס וֶועט זַיין פַאר אַנְדֶערֶע חוּץ דִיא דָאזִיגֶע:

5 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן דָרוֹם־זֵייט וֶועט זִיךְ שְׁטַארְקֶען, אָבֶּער אֵיינֶער פוּן זֵיינֶע פִירְשְׁטֶען וֶועט זִיךְ מֶעהְר שְׁטַארְקֶען אִיבֶּער אִיהְם אוּנְד עֶר וֶועט גֶעוֶועלְטִיגֶען מִיט אַ פִיל גְרֶעסֶערֶע גֶעוֶועלְטִיגוּנְג ווִיא זֵיינֶע גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט:

6 אָבֶּער צוּם סוֹף פוּן דִיא יָאהְרֶען וֶועלֶען זַייא זִיךְ צוּזַאמֶען בֶּעהֶעפְטֶען, אוּנְד דִיא טָאכְטֶער פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן דָרוֹם־זֵייט וֶועט קוּמֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן צָפוֹן־זֵייט צוּ מַאכֶען אֵיינֶע אוֹיסְגְלֵייכוּנְג, אָבֶּער זִיא וֶועט נִיט קֶענֶען אֵיינְהַאלְטֶען (וֶועגֶען) דֶעם כּוֹחַ פוּן דֶעם אָרֶעם, אוּנְד עֶר וֶועט נִיט קֶענֶען בֶּעשְׁטֵיין (אוֹיךְ נִיט) זַיין אָרֶעם, אוּנְד זִיא וֶועט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוֹיךְ דִיא וָואס הָאבֶּען זִיא אַהֶערְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען זִיא גֶעווִאוּנֶען אוּנְד גֶעשְׁטַארְקְט אִין דִיא צֵייטֶען:

7 אוּנְד אֵיינֶער וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין פוּן דֶער צְווַייג פוּן אִיהְרֶע ווָארְצֶעל אוֹיף זֵיינֶע שְׁטֶעל, אוּנְד עֶר וֶועט קוּמֶען קֶעגֶען דֶעם חַיִל, אוּנְד עֶר וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֶער פֶעסְטוּנְג פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן צָפוֹן, אוּנְד עֶר וֶועט קֶעגֶען זַייא טְהוּן אוּנְד זַייא אֵיינְנֶעמֶען:

8 אוּנְד אַפִילוּ זֵייעֶרֶע גֶעטֶער מִיט זֵייעֶרֶע הַארֶען אוּנְד מִיט זֵייעֶרֶע גְלוּסְטִיגֶע (טֵייעֶרֶע) כֵּלִים פוּן זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד

װעט ער אין געפאנגענשאפט ארונטער
ברענגען נאך מצרים, אונד ער װעט
בעשטיין בלייבען מעהר יאהרען װיא
דער מלך פון צפון:
9 אונד אזוי װעט דער מלך פון
דרום־זייט קומען אין זיין מלכות,
אונד ער װעט צוריקקעהרען צו זיין
לאנד:
10 אבער זיינע זיהן װעלען איהם
אנרייצען, אונד זייא װעלען זיך פער־
זאמלען א גרויסע מאסע פון חילות,
אונד װען ער װעט אנקומען אזוי
װעט ער פערפלייצען אונד איבער־
פאהרען, אונד דערנאך װעט ער זיך
אומקעהרען אונד אנרייצען (א מלחמה)
ביז צו זיינע פעסטע שטעט:
11 אונד דער מלך פון דרום־זייט
װעט זיך זעהר דערביטערען, אונד ער
װעט ארויסגיין אונד װעט מלחמה
האלטען מיט דעם מלך פון צפון־זייט,
אונד ער װעט אהערשטעלען א גרויסע
מאסע (חיל) מעהר װיא פון דעם
ערשטען, אבער דיא מאסע (חיל) װעט
אין זיינע האנד איבערגעגעבען װערען:
12 אונד װען דיא מאסע (חיל) װעט
זיך דערהייבען אזוי װעט זיך זיין
הארץ דערהייבען, אונד ער װעט פיל
צעהן טויזענדע מאכען פאלען, אבער
ער װעט דאך ניט שטארק זיין:
13 דערנאך װעט דער מלך פון
צפון־זייט צוריקקעהרען, אונד ער
װעט אהערשטעלען א גרעסערע מאסע
(חיל) װיא דיא ערשטע, אבער צום
סוף פון דיא צייטען פון יאהרען װעט
ער געװיס אריינקומען מיט א גרויס
חיל אונד מיט א גרויס פערמעגען:
14 אונד אין דיאזיגע צייטען
װעלען פילע אויפשטיין קעגען דעם
מלך פון דרום־זייט, אונד דיא קינדער
פון דיא רויבער'ס פון דיין פאלק
װעלען זיך דערהייבען, כדי זייא זאלען
אויפשטעלען (מקיים צו זיין) דיא
נבואה, אבער זייא װעלען געשטרוי־
כעלט װערען:
15 אונד דער מלך פון צפון װעט
קומען אונד װעט אויפשיטען א שאנץ
אונד װעט איינגעמען דיא פעסטע
שטעט, אונד דיא חילות פון דרום־זייט
װעלען ניט קענען בעשטיין, אונד
דאס אויסדערװיילטע פאלק װעט קיין
כח ניט האבען צו בעשטיין:
16 אבער דער װאס קומט קעגען
איהם װעט טהון נאך זיין װילען,
אונד קיינער װעט ניט קענען בעשטיין
פאר איהם, אונד ער װעט זיך
שטעלען אין דעם גלוסטיגען לאנד
אונד ער װעט עס פערלענדען מיט
זיינע האנד:
17 אונד ער װעט טהון זיין פנים
צו קומען אין דיא שטארקהייט פון
זיין גאנצען קעניגרייך, אונד דיא
אויפריכטיגע מיט איהם, אונד ער
װעט עס טהון, אונד דיא טעכטער
פון דיא װייבער װעלען צו איהם גע־
געבען װערען כדי זיא צו פערדארבען,
אבער זיא װעט ניט בעשטיין, אונד
זיא װעט אויך ניט זיין צו איהם:
18 דערנאך װעט ער אומקעהרען
זיין פנים צו דיא אינזעלן, אונד ער
װעט פילע בעצװינגען, אבער א
פירשט װעט מאכען אויפהערען פון
איהם זיינע חרפה, נייערט זיינע
איינענע חרפה זאל צו איהם צוריק־
געקעהרט װערען:

19 אוּנְד אַזוֹי װֶעט עֶר אוּמְקֶעהְרֶען זַיין פָּנִים צוּ דִיא פֶעסְטֶע (שְׁטֶעט) פוּן זַיין לַאנְד, אוּנְד עֶר װֶעט גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט װֶערֶען אוּנְד פַאלֶען, אוּנְד װֶעט נִיט (מֶעהְר) גֶעפוּנֶען װֶערֶען:

20 אוּנְד עֶס װֶעט זִיךְ אֵיינֶער אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אוֹיף זַיינֶע שְׁטֶעל אוּנְד עֶר װֶעט מַאכֶען אִיבֶּערְפָאהְרֶען אַ בֶּעצְװִינְגֶער אִין דֶער שֵׁיינְהַייט פוּן דֶעם מַלְכוּת, אוּנְד אִין עֶטְלִיכֶע טֶעג װֶעט עֶר צוּבְּרָאכֶען װֶערֶען, אָבֶּער נִיט דוּרְךְ הֶענְד אוּנְד נִיט אִין דֶער מִלְחָמָה:

21 דֶערְנָאךְ װֶעט אוֹיף זַיינֶער שְׁטֶעל אוֹיפְשְׁטֵיין אַ פֶערְאַכְטֶער, אוּנְד אוֹיף אִיהְם װֶעט נִיט גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען דִיא שֵׁיינְקַייט פוּן דֶעם מַלְכוּת, אוּנְד עֶר װֶעט קוּמֶען בְּשַׁלְוָה, אוּנְד עֶר װֶעט אָנְהַאלְטֶען דָאס מַלְכוּת דוּרְךְ גְלַאטֶע רֵייד:

22 אוּנְד מִיט פֶערְפְלֵייצְטֶע חֲיָילוֹת װֶעלֶען זַייא פַאר אִיהְם פֶערְפְלֵייצְט װֶערֶען אוּנְד צוּבְּרָאכֶען װֶערֶען, אוּנְד אֲפִילוּ אוֹיךְ דֶער פִירְשְׁט פוּן דֶעם בּוּנְד:

23 אוּנְד פוּן װֶעגֶען דֶער פֶערְבִּינְדוּנְג מִיט אִיהְם װֶעט עֶר עֶס טְהוּן מִיט פַאלְשְׁקַייט, אוּנְד עֶר װֶעט אַרוֹיפְגֵיין אוּנְד זִיךְ שְׁטַארְקֶען מוּט װִוינְצִיג פָאלְק:

24 עֶר װֶעט אַרֵיינְקוּמֶען בְּשַׁלְוָה אִין דֶער פֶעטֶע מְדִינָה, אוּנְד עֶר װֶעט אַזָא טְהוּן װָאס זַיינֶע עֶלְטֶערְן אוּנְד זַיינֶע עֶלְטֶערְנ'ס עֶלְטֶערְן הָאבֶּען נִיט אַמָאל גֶעטְהוּן, עֶר װֶעט צוּ זַייא פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען רוֹיבּ אוּנְד זַאקְרוֹיבּ אוּנְד רֵייכְטְהוּם, אוּנְד אוֹיף דִיא פֶעסְטֶע שְׁטֶעט װֶעט עֶר טְרַאכְטֶען זַיינֶע מַחְשָׁבוֹת בִּיז צוּ אַ גֶעװִיסֶע צַייט:

25 אוּנְד עֶר װֶעט דֶערְװֶעקֶען זַיין כּוֹחַ אוּנְד זַיין הַארְץ, קֶעגֶען דֶעם מֶלֶךְ פוּן דָרוֹם־זַייט מִיט אַ גְרוֹיס חַיִל, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן דָרוֹם־זַייט װֶעט זִיךְ אוֹיפְרֵייצֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה מִיט אַ גְרוֹיס אוּנְד אַ זֶעהְר שְׁטַארְקֶעס חַיִל, אוּנְד עֶר װֶעט נִיט קֶענֶען בֶּעשְׁטֵיין, װַייל מֶען װֶעט קֶעגֶען אִיהְם טְרַאכְטֶען מַחְשָׁבוֹת:

26 אֲפִילוּ דִיא (הַארֶען) װָאס עֶסֶען פוּן זַיינֶע שְׁפֵּייז, דִיא װֶעלֶען אִיהְם צוּבְּרֶעכֶען אוּנְד װֶעלֶען זַיין חַיִל פֶערְפְלֵייצֶען, אוּנְד פִילֶע דֶערְשְׁלָאגֶענֶע װֶעלֶען פַאלֶען:

27 אוּנְד דִיא הֶערְצֶער פוּן דִיא בֵּיידֶע מְלָכִים װֶעלֶען זַיין שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן, אוּנְד בֵּייא אֵיין טִישׁ װֶעלֶען זַייא רֶעדֶען לִיגֶען, אָבֶּער עֶס װֶעט זַייא נִיט בֶּעגְלִיקֶען, װָארִין דֶער סוֹף אִיז נָאךְ (אָפְּגֶעלֵייגְט) אוֹיף אַ בֶּעשְׁטִימְטֶע צַייט:

28 דֶערְנָאךְ װֶעט עֶר זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ זַיין לַאנְד מִיט אַ גְרוֹיסֶען רֵייכְטְהוּם, אוּנְד זַיין הַארְץ װֶעט זַיין קֶעגֶען דֶעם הֵיילִיגֶען בּוּנְד, אוּנְד װֶען עֶר װֶעט דָאס טְהוּן אַזוֹי װֶעט עֶר זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען צוּ זַיין אֵייגֶען לַאנְד:

29 אִין אַ בֶּעשְׁטִימְטֶע צַייט װֶעט עֶר צוּרִיקְקֶעהְרֶען אוּנְד אָנְקוּמֶען אִין דָרוֹם־לַאנְד, אָבֶּער עֶס װֶעט נִיט זַיין אַזוֹי װִיא דָאס עֶרְשְׁטֶע אוּנְד אַזוֹי װִיא דָאס לֶעצְטֶע:

30 װָארִין דִיא שִׁיפֶען פוּן כִּתִּים װֶעלֶען קֶעגֶען אִיהְם קוּמֶען אוּנְד װֶעלֶען אִיהְם אַנִידֶערְשְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶר װֶעט זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען אוּנְד צָארְנֶען קֶעגֶען

דֶעם הֵיילִיגֶען בּוּנְד, אוּנְד אַזוֹי װֶעט
עֶר עֶס טְהוּן, אוּנְד װֶען עֶר װֶעט זִיךְ
אוּמְקֶעהְרֶען אַזוֹי װֶעט עֶר אוֹיךְ
בֶּעמֶערְקֶען דִיא װָאס הָאבֶּען פֶערְלָאז־
זֶען דֶעם הֵיילִיגֶען בּוּנְד:
31 אוּנְד דִיא חַיָילוֹת פוּן אִיהְם
װֶעלֶען זִיךְ אוֹיפְשְׁטֶעלֶען, אוּנְד זֵייא
װֶעלֶען מְחַלֵל זַיין דָאס שְׁטַארְקֶע בֵּית
הַמִקְדָשׁ, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען אָפּטְהוּן
דָאס קָרְבָּן הַתָּמִיד, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען
(אַן דֶער שְׁטֶעל) גֶעבֶּען דִיא אוּמְװֶער־
דִיגְקֵייט װָאס מַאכְט פֶערְװִיסְטוּנְג:
32 אוּנְד אַזָאלְכֶע װָאס טְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס
קֶעגֶען דֶעם בּוּנְד, װֶעט עֶר חַנְפִינֶען
מִיט גְלַאטֶע רֵייד, אָבֶּער דָאס פָאלְק
װָאס קֶען זַיין גָאט װֶעלֶען זִיךְ שְׁטַאר־
קֶען אוּנְד װֶעלֶען עֶס (טְהוּן) אוֹיסְפִיהְ־
רֶען:
33 אוּנְד דִיא קְלוּגֶע פוּן דֶעם פָאלְק
װֶעלֶען עֶס צוּ פִילֶע צוּ פֶערְשְׁטֵיין
גֶעבֶּען, אָבֶּער זֵייא װֶעלֶען גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט
װֶערֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁװֶערְט אוּנְד דוּרְךְ
דִיא פְלַאם, דוּרְךְ גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט אוּנְד
דוּרְךְ פְּלִינְדֶערוּנְג פִיל טֶעג (יָאהְרֶען):
34 אָבֶּער אִין זֵייעֶרֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְג
װֶעלֶען זֵייא גֶעהָאלְפֶען װֶערֶען מִיט אַ
קְלֵיינֶע הִילְף, אָבֶּער פִילֶע װֶעלֶען זִיךְ
צוּ זֵייא בֶּעהֶעפְטֶען מִיט גְלַאטֶע רֵייד
(חֲנִיפָה):
35 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא קְלוּגֶע
לֵייט װֶעלֶען (אוֹיךְ) גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט
װֶערֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען דֶערְמִיט גֶע־
פְרִיפְט אוּנְד גֶעלֵייטֶערְט װֶערֶען, אוּנְד
װֵייס גֶעמַאכְט װֶערֶען בִּיז צוּ דֶעם
עֶנְד פוּן דֶער צֵייט, װָארִין עֶס אִיז נָאךְ
בִּיז צוּ אַ בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייט:
36 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ װֶעט טְהוּן נָאךְ
זַיין אֵייגֶענֶעם װִילֶען, אוּנְד עֶר װֶעט
זִיךְ דֶערְהֵייבֶּען אוּנְד גְרוֹיס מַאכֶען
אִיבֶּער אִיטְלִיכֶען גָאט, אַפִּילוּ אִיבֶּער
דֶעם גָאט פוּן דִיא גֶעטֶער װֶעט עֶר
װוּנְדֶערְלִיכֶע זַאכֶען רֶעדֶען, אוּנְד עֶר
װֶעט בֶּעגְלִיקֶען בִּיז דֶער צָארְן אִיז
פֶערְלֶענְט, װָארִין דָאס װָאס אִיז בֶּע־
שְׁטִימְט װֶעט גֶעטְהוּן װֶערֶען:
37 אָבֶּער אוֹיף דֶעם גָאט פוּן זֵיינֶע
עֶלְטֶערְן װֶעט עֶר נִיט מֶערְקֶען, אוֹיךְ
נִיט אַמָאל גְלוּסְטֶען צוּ װֵייבֶּער, עֶר
װֶעט אַפִּילוּ נִיט מֶערְקֶען אוֹיף קֵיין
אֵיינְצִיגֶען גָאט, װָארִין עֶר װֶעט זִיךְ
אִיבֶּער אַלֶעם גְרוֹיס מַאכֶען:
38 אָבֶּער דֶעם שְׁטַארְקֶען גָאט װֶעט
עֶר אוֹיף זֵיינֶע שְׁטֶעל בְּכָבוֹד הַאלְטֶען,
אוּנְד אַ גָאט װָאס זֵיינֶע עֶלְטֶערְן
הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט דֶעם װֶעט עֶר
בְּכָבוֹד הַאלְטֶען מִיט גָאלְד אוּנְד מִיט
זִילְבֶּער אוּנְד מִיט טֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער
אוּנְד מִיט גְלוּסְטִיגֶע זַאכֶען:
39 אוּנְד עֶר װֶעט טְהוּן מִיט דִיא
שְׁטַארְקֶע פֶעסְטוּנְגֶען אַזוֹי װִיא מִיט
דִיא פְרֶעמְדֶע אָפְּגֶעטֶער, װֶעמֶען עֶר
װֶעט אָנֶערְקֶענֶען אוּנְד פֶערְמֶעהְרֶען
כָּבוֹד, אוּנְד עֶר װֶעט זֵייא מַאכֶען
גֶעװֶעלְטִיגֶען אִיבֶּער פִילֶע, אוּנְד עֶר װֶעט
דָאס לַאנְד צוּטֵיילֶען פַאר אַ קוֹיפְפְּרֵייז:
40 אוּנְד אִין דֶער צֵייט פוּן דֶעם עֶנְד
װֶעט דֶער מֶלֶךְ פוּן דָרוֹם־זֵייט קֶעגֶען
אִיהְם אָנְשְׁטוֹיסֶען, אָבֶּער דֶער מֶלֶךְ
פוּן צָפוֹן־זֵייט װֶעט קֶעגֶען אִיהְם
שְׁטוּרְמֶען מִיט רֵייטְװֶעגֶען אוּנְד מִיט
רֵייטֶער, אוּנְד מִיט פִילֶע שִׁיפֶען, אוּנְד
עֶר װֶעט קוּמֶען אִין דִיא לֶענְדֶער אוּנְד
װֶעט זֵייא פֶערְפְלֵייצֶען אוּנְד אַרִיבֶּער
פָאהְרֶען:

41 אוּנְד עֶר װֶעט אויךְ אַרײַנְקוּמֶען
אִין דֶעם גְלוּסְטִיגֶען לַאנְד אָבֶּער פִּילֶע
(לֶענְדֶער) װֶעלֶען גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט װֶערֶען,
אָבֶּער דִיא דָאזִיגֶע װֶעלֶען עֶנְטְרוּנֶען
װֶערֶען פוּן זַיינֶע הַאנְד, דְהַיְינוּ אֱדוֹם
אוּנְד מוֹאָב, אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע (בֶּעסְטֶע)
פוּן דִיא בְּנֵי עַמּוֹן:
42 אוּנְד עֶר װֶעט אויסשְׁטְרֶעקֶען
זַיינֶע הַאנְד קֶעגֶען דִיא לֶענְדֶער; אוּנְד
דָאס לַאנְד מִצְרַיִם װֶעט אויךְ נִיט זַיין
צוּ אֵיינֶע עֶנְטְרִינוּנְג:
43 אוּנְד עֶר װֶעט גֶעװֶעלְטִיגֶען אִיבֶּער
דִיא (פֶּערְבָּארְגֶענֶע) אוֹצְרוֹת פוּן דֶעם
גָאלְד, דָאס זִילְבֶּער אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע
גְלוּסְטִיגֶע זַאכֶען פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד דִיא
לוּבִים, אוּנְד דִיא כּוּשִׁים װֶעלֶען אִיהְם
נָאכְגֵיין אִין זַיינֶע טְרִיט:
44 אָבֶּער דִיא נָאכְרִיכְטֶען (שְׁמוּעוֹת)
פוּן מִזְרַח־זַייט אוּנְד צָפוֹן־זַייט װֶעלֶען
אִיהְם דֶערשְׁרֶעקֶען, אוּנְד עֶר װֶעט
אַרויסְגֵיין מִיט אַ גְרויסֶען גְרִימְצָארְן צוּ
פֶערְטִילְגֶען אוּנְד מַחְרִים צוּ זַיין פִּילֶע:
45 אוּנְד עֶר װֶעט זַיין גֶעצֶעלְט פְּלַאנְ־
צֶען (אויפְשְׁטֶעלֶען) פוּן זַיין פַּאלַאסְט
צְװִישֶׁען דִיא יַמִּים אִין דֶעם גְלוּסְטִיגֶען
הֵיילִיגֶען בַּארְג, אוּנְד דָאךְ װֶעט עֶר
קוּמֶען צוּ זַיין סוֹף אָבֶּער עֶס װֶעט
אִיהְם קֵיינֶער נִיט הֶעלְפֶען:

קאפּיטעל יב

1 אוּנְד אִין דֶער דָאזִיגֶער צַייט װֶעט
שְׁטֵיין מִיכָאֵל, דֶער גְרויסֶער פִּירְשְׁט,
װָאס שְׁטֵייט פַאר דִיא קִינְדֶער פוּן
דַיין פָאלְק, אוּנְד עֶס װֶעט זַיין אַ צַייט
פוּן צָרָה, אַזָאלְכֶע װָאס אִיז נָאךְ קֵיינְ־
מָאל נִיט גֶעװֶעזֶען זַייט עֶס הָאט אָנְ־
גֶעהוֹיבֶּען צוּ זַיין אַ פָאלְק אַפִּילוּ בִּיז
צוּ דֶער דָאזִיגֶער, צַייט אָבֶּער אִין דֶער
דָאזִיגֶער צַייט װֶעט דַיין פָאלְק עֶנְטְ־
רִינֶען װֶערֶען, אִיטְלִיכֶער װָאס װֶעט
גֶעפוּנֶען װֶערֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין
דֶעם בּוּךְ:
2 אוּנְד פִילֶע פוּן דִיא װָאס שְׁלָאפֶען
אִין דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן דֶער עֶרְד װֶעלֶען
אויפְוַואכֶען, עֶטְלִיכֶע צוּם אֵייבִּיגֶען
לֶעבֶּען אוּנְד עֶטְלִיכֶע צוּ חֶרְפָּה אוּנְד
אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע בּוּשָׁה:
3 אָבֶּער דִיא קְלוּגֶע װֶעלֶען שַׁיינֶען
אַזוֹי װִיא דִיא לֵייכְטוּנְג פוּן דֶעם הִימֶעל,
אוּנְד דִיא װָאס טְהוּן פִּילֶע גֶערֶעכְט
מַאכֶען אַזוֹי װִיא דִיא שְׁטֶערְן אויף
אִימֶער אוּנְד אֵייבִּיג:
4 אָבֶּער דוּא, דָנִיאֵל, פֶערשְׁטָאפּ דִיא
רֵייד אוּנְד פֶערְחַתְמֶה דָאס סֵפֶר בִּיז
צוּ דֶער צַייט פוּן דֶעם עֶנְד; פִּילֶע
װֶעלֶען אַהִין אוּנְד אַהֶער לויפֶען, אוּנְד
דִיא װִיסֶענְשַׁאפְט װֶעט זִיךְ פֶערְ־
מֶעהְרֶען:
5 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ, דָנִיאֵל גֶעזֶעהֶען,
אוּנְד זֶעה, צְװַייא אַנְדֶערֶע (מַלְאָכִים)
זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען, אֵיינֶער פוּן דִיא זַייט
פוּן דֶעם בָּארְטֶען פוּן דֶעם טַייךְ, אוּנְד
אֵיינֶער פוּן דֶער אַנְדֶערֶע זַייט פוּן
דֶעם בָּארְטֶען פוּן דֶעם טַייךְ:
6 אוּנְד (אֵיינֶער) הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דֶעם מַאן װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען אָנְגֶעקְלֵייד
מִיט לַיינֶען, װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען אִיבֶּער
דִיא װַאסֶער פוּן דֶעם טַייךְ, בִּיז װִיא
לַאנְג װֶעט עֶס זַיין צוּ דֶעם עֶנְד פוּן
דִיא װוּנְדֶערְלִיכֶע זַאכֶען?
7 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דֶעם מַאן
װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען אָנְגֶעקְלֵייד מִיט
לַיינֶען, װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען אִיבֶּער דִיא
װַאסֶער פוּן דֶעם טַייךְ, אוּנְד עֶר הָאט
אויפְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד

זיינע

זַיינֶע לִינְקֶע הַאנְד צוּ דֶעם הִימֶעל,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁוְואוירֶען בַּייא דֶעם
וָואס לֶעבְּט אויף אֵייבִּיג, דָאס עֶס
וֶועט זַיין פַאר אַ צַייט, צַייטֶען, אוּנְד
אַ הַאלְבֶּע צַייט, אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט
הָאבֶּען פֶערְלֶענְדִט צוּ פֶערשְׁטְרֵייעֶן דָאס
הֵיילִיגֶע פָאלְק אַזוֹי וֶועט דָאס אַלֶעס
פֶערְלֶענְדִט וֶוערֶען:
8 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דָאס גֶעהֶערְט אָבֶּער
אִיךְ הָאבּ עֶס נִיט פֶערשְׁטַאנֶען, אַזוֹי
הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, אוֹי מֵיין הַאר!
וָואס וֶועט זַיין דָאס עֶנְד פוּן דֶעם
דָאזִיגֶען?
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא אַוֶועק,
דוּא דָנִיאֵל, וָוארִין דִיא רֵייד זֶענֶען
פֶערשְׁטָאפְּט אוּנְד פֶערְחַתְמֶת בִּיז צוּ
דֶער צַייט פוּן דֶעם עֶנְד:
10 פִילֶע וֶועלֶען גֶערֵיינִיגְט אוּנְד וֵייס
גֶעמַאכְט וֶוערֶען, אוּנְד גֶעפְּרִיפְט וֶוערֶען,
אָבֶּער דִיא רְשָׁעִים וֶועלֶען טְהוּן רִשְׁעוּת;
אוּנְד קֵיין אֵיינְצִיגֶער רָשָׁע וֶועט עֶס
פֶערשְׁטֵיין, אָבֶּער דִיא קְלוּגֶע לֵייט
וֶועלֶען עֶס פֶערשְׁטֵיין:
11 דָאס פוּן דֶער צַייט וֶוען דָאס
קָרְבָּן תָּמִיד וֶועט אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען,
אוּנְד דִיא אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט וָואס טְהוּט
פֶערְווִיסְט מַאכֶען וֶועט (אִין דֶער שְׁטֶעל)
גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, וֶועט זַיין אֵיין טוֹיזֶענְד
צְווייא הוּנְדֶערְט אוּנְד נֵיינְצִיג (יָאהְר):
12 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער וָואס וֶועט
הָאפֶען אוּנְד דֶערגְרֵייכֶען צוּ דִיא טֶעג,
דְהַיְינוּ אֵיין טוֹיזֶענְד דְרֵייא הוּנְדֶערְט
אוּנְד פִינְף אוּנְד דְרֵייסִיג טֶעג:
13 אָבֶּער דוּא גֵייא אַוֶועק צוּ דֶעם
עֶנְד, וָוארִין דוּא וֶועסְט רוּהֶען, אוּנְד
שְׁטֵיין אִין דֵיין גוֹרָל אִין דֶעם סוֹף פוּן
דִיא טֶעג:

# חזק

אַלע פסוקים פֿון דעם ספר דניאל זענען דרייא הונדערט אונד זיבען
אונד פֿופֿציג, אונד דיא העלפֿט דערפֿון איז קאפיטעל ה׳ ל׳;
אונד האט צוועלף קאפיטלעך:

# ספר עזרא

## קאפיטעל א

1 אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען יָאהְר פוּן כּוֹרֶשׁ, מֶלֶךְ פוּן פָּרָס, כְּדֵי צוּ פֶערְלֶענְדֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט דוּרְךְ דֶעם גַייסְט פוּן כּוֹרֶשׁ מֶלֶךְ פוּן פָּרָס, דָאס עֶר הָאט גֶעלָאזְט אוֹיסְרוּפֶען דוּרְךְ זַיין גַאנְצֶען קֶענִיגְרֵייךְ, אוּנְד עֶר הָאט עֶס אוֹיךְ גֶעלָאזְט אָנְשְׁרֵייבֶּען אַזוֹי צוּ זָאגֶען:

2 אַזוֹי זָאגְט כּוֹרֶשׁ מֶלֶךְ פוּן פָּרָס, אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶע פוּן דֶער עֶרְד, הָאט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל צוּ מִיר גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט מִיר בֶּעפוֹילֶען פַאר אִיהְם צוּ בּוֹיעֶן אַיין הוֹיז אִין יְרוּשָׁלַיִם וָואס אִיז אִין יְהוּדָה:

3 וֶוער אִיז צְווִישֶׁען אֵייךְ פוּן זַיין גַאנְצֶען פָאלְק? זַיין גָאט זָאל זַיין מִיט אִיהְם, אוּנְד לָאז עֶר אַרוֹיפְגֵיין נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם וָואס אִיז אִין יְהוּדָה, אוּנְד לָאז עֶר בּוֹיעֶן דָאס הוֹיז פוּן יְהֹוָה דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, (עֶר אִיז דֶער גָאט וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם):

4 אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן אַלֶע עֶרְטֶער וְואוּ עֶר הַאלְט זִיךְ דָארְט אוֹיף, לָאזֶען אִיהְם דִיא לֵייט פוּן זַיין אָרְט הֶעלְפֶען מִיט זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד אוּנְד מִיט פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד מִיט בְּהֵמוֹת, חוּץ דִיא נְדָבוֹת פַאר דֶעם הוֹיז פוּן גָאט וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם:

5 אַזוֹי זֶענֶען דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת פוּן יְהוּדָה, אוּנְד בִּנְיָמִין, אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא לְוִיִּם אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, מִיט אִיטְלִיכֶען וָואס גָאט הָאט דֶערְוֶועקְט זַיין גַייסְט אַרוֹיף צוּ גֵיין צוּ בּוֹיעֶן דָאס הוֹיז פוּן גָאט וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם:

6 אוּנְד אַלֶע וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען רִינְגְס אַרוּם זֵייא, הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁטַארְקְט זֵייעֶרֶע הֶענְד מִיט זִילְבֶּערְנֶע אוּנְד גָאלְדֶענֶע כֵּלִים, מִיט פֶערְמֶעגֶען אוּנְד מִיט בְּהֵמוֹת, אוּנְד מִיט טֵייעֶרֶע זַאכֶען, חוּץ דִיא נְדָבוֹת וָואס אִיטְלִיכֶער הָאט פְרֵייוִוילִיג גֶעגֶעבֶּען:

7 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ כּוֹרֶשׁ הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט דִיא כֵּלִים פוּן דֶעם הוֹיז פוּן גָאט, וָואס נְבוּכַדְנֶצַּר הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אִין דֶעם הוֹיז פוּן זֵיינֶע גֶעטֶער:

8 אַפִּילוּ דִיא הָאט כּוֹרֶשׁ מֶלֶךְ פוּן פָּרָס אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוּנְטֶער דִיא הַאנְד פוּן מִתְרְדָת דֶער הַאר אִיבֶּער דִיא אוֹצָרוֹת, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעצֵיילְט צוּ שֵׁשְׁבַּצַּר דֶעם נָשִׂיא פוּן יְהוּדָה:

9 אוּנְד דָאס אִיז זֵייעֶר צָאל, דְרֵייסִיג גָאלְדֶענֶע שִׁיסֶעלְן, אוּנְד טוֹיזֶענְד זִילְבֶּערְנֶע שִׁיסֶעלְן; נַיין אוּנְד צְוַואנְצִיג מֶעסֶער:

10 דְרֵייסִיג גָאלְדֶענֶע בֶּעקֶען, אוּנְד פִיעֶר הוּנְדֶערְט אוּנְד צֶעהְן זִילְבֶּערְנֶע בֶּעקֶען פוּן אַ צְווייטֶע גַאטוּנְג, אוּנְד אַ טוֹיזֶענְד אַנְדֶערֶע כֵּלִים:

11 אַלֶע כֵּלִים פוּן גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, פִינְף טוֹיזֶענְד אוּנְד

פִיעֶר הוּנְדֶערְט, דִיא אַלֶע הָאט
שֵׁשְׁבַּצַּר אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט מִיט דִיא וָואס
זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען מִיט דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע פוּן בָּבֶל נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם׃

קאפיטעל ב

1 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא
קִינְדֶער פוּן דֶער מְדִינָה וָואס זֶענֶען
אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען פוּן דֶער גֶעפַאנְגֶענְ־
שַׁאפְט, וָואס נְבוּכַדְנֶצַּר מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל
הָאט אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט נָאךְ בָּבֶל, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם
אוּנְד יְהוּדָה, אִיטְלִיכֶער צוּ זֵיינֶע
שְׁטָאט׃
2 וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען מִיט זְרֻבָּבֶל,
יֵשׁוּעַ, נְחֶמְיָה, שְׂרָיָה, רְעֵלָיָה, מָרְדֳּכַי,
בִּלְשָׁן, מִסְפָּר, בִּגְוַי, רְחוּם, בַּעֲנָה, דָאס
אִיז דִיא צָאל פוּן דִיא מֶענֶער פוּן
דֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל׃
3 דִיא קִינְדֶער פוּן פַּרְעוֹשׁ, צְווֵייא
טוֹיזֶענְד אֵיין הוּנְדֶעט אוּנְד צְווֵייא
אוּנְד זִיבֶּעצִיג׃
4 דִיא קִינְדֶער פוּן שְׁפַטְיָה, דְרֵייא
הוּנְדֶערְט אוּנְד צְווֵייא אוּנְד זִיבֶּעצִיג׃
5 דִיא קִינְדֶער פוּן אָרַח, זִיבֶּען
הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף אוּנְד זִיבֶּעצִיג׃
6 דִיא קִינְדֶער פוּן פַּחַת־מוֹאָב, פוּן
דִיא זִיהְן יֵשׁוּעַ אוּנְד יוֹאָב, צְווֵייא
טוֹיזֶענְד אַכְט הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוֶועלְף׃
7 דִיא קִינְדֶער פוּן עֵילָם, אֵיין טוֹיזֶענְד
צְווֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פִיעֶר אוּנְד
פוּפְצִיג׃
8 דִיא קִינְדֶער פוּן זַתּוּא, נֵיין הוּנְ־
דֶערְט אוּנְד פִינְף אוּנְד פִירְצִיג׃
9 דִיא קִינְדֶער פוּן זַכַּי, זִיבֶּען הוּנְדֶערְט
אוּנְד זֶעכְצִיג׃
10 דִיא קִינְדֶער פוּן בָּנִי, זֶעקְס
הוּנְדֶערְט אוּנְד צְווֵייא אוּנְד פִירְצִיג׃
11 דִיא קִינְדֶער פוּן בֵּבָי, זֶעקְס
הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיג׃
12 דִיא קִינְדֶער פוּן עַזְגָּד, אֵיין
טוֹיזֶענְד צְווֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד צְווֵייא
אוּנְד צְוַואנְצִיג׃
13 דִיא קִינְדֶער פוּן אֲדוֹנִיקָם, זֶעקְס
הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעקְס אוּנְד זֶעכְצִיג׃
14 דִיא קִינְדֶער פוּן בִּגְוָי, צְווֵייא
טוֹיזֶענְד אוּנְד זֶעקְס אוּנְד פוּפְצִיג׃
15 דִיא קִינְדֶער פוּן עָדִין, פִּיעֶר
הוּנְדֶערְט אוּנְד פִיעֶר אוּנְד פוּפְצִיג׃
16 דִיא קִינְדֶער פוּן אָטֵר פוּן חִזְקִיָּה,
אַכְט אוּנְד נֵיינְצִיג׃
17 דִיא קִינְדֶער פוּן בֵּצָי, דְרֵייא
הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיג׃
18 דִיא קִינְדֶער פוּן יוֹרָה, אֵיין הוּנְ־
דֶערְט אוּנְד צְוֶועלְף׃
19 דִיא קִינְדֶער פוּן חָשֻׁם, צְווֵייא
הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיג׃
20 דִיא קִינְדֶער פוּן גִּבָּר, פִינְף אוּנְד
נֵיינְצִיג׃
21 דִיא קִינְדֶער פוּן בֵּית לָחֶם, אֵיין
הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיג׃
22 דִיא מֶענֶער פוּן נְטוֹפָה, זֶעקְס
אוּנְד פוּפְצִיג׃
23 דִיא מֶענֶער פוּן עֲנָתוֹת, אֵיין
הוּנְדֶערְט אוּנְד אַכְט אוּנְד צְוַואנְצִיג׃
24 דִיא קִינְדֶער פוּן עַזְמָוֶת, צְווֵייא
אוּנְד פִירְצִיג׃
25 דִיא קִינְדֶער פוּן קִרְיַת עָרִים,
כְּפִירָה אוּנְד בְּאֵרוֹת, זִיבֶּען הוּנְדֶערְט
אוּנְד דְרֵייא אוּנְד פִירְצִיג׃
26 דִיא קִינְדֶער פוּן רָמָה אוּנְד גָּבַע,
זֶעקְס הוּנְדֶערְט אוּנְד אֵיין אוּנְד
צְוַואנְצִיג׃
27 דִיא מֶענֶער פוּן מִכְמָס, אֵיין
הוּנְדֶערְט אוּנְד צְווֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיג׃

28 דִיא מֶענֶער פוּן בֵּית־אֵל אוּנְד עַי, צְוֵויא הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיג׃

29 דִיא קִינְדֶער פוּן נְבוֹ, צְוֵויא אוּנְד פוּפְצִיג׃

30 דִיא קִינְדֶער פוּן מַגְבִּישׁ, אֵיין הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעקְס אוּנְד פוּפְצִיג׃

31 דִיא קִינְדֶער פוּן עֵילָם, דֶעם אַנְדֶערְן, אֵיין טוֹיזֶענְד צְוֵויא הוּנְדֶערְט אוּנְד פִיעֶר אוּנְד פוּפְצִיג׃

32 דִיא קִינְדֶער פוּן חָרִים, דְרֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג׃

33 דִיא קִינְדֶער פוּן לוֹד, חָדִיד אוּנְד אוֹנוֹ, זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג׃

34 דִיא קִינְדֶער פוּן יְרֵחוֹ, דְרֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף אוּנְד פִירְצִיג׃

35 דִיא קִינְדֶער פוּן סְנָאָה, דְרֵייא טוֹיזֶענְד זֶעקְס הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג׃

36 דִיא כּוֹהֲנִים, דִיא קִינְדֶער פוּן יְדַעְיָה, פוּן דֶעם הוֹיז יֵשׁוּעַ, נַיין הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייא אוּנְד זִיבֶּעצִיג׃

37 דִיא קִינְדֶער פוּן אִמֵּר, אֵיין טוֹיזֶענְד אוּנְד צְוֵויא אוּנְד פוּפְצִיג׃

38 דִיא קִינְדֶער פוּן פַּשְׁחוּר, אֵיין טוֹיזֶענְד צְוֵויא הוּנְדֶערְט אוּנְד זִיבֶּען אוּנְד פִירְצִיג׃

39 דִיא קִינְדֶער פוּן חָרִים, אֵיין טוֹיזֶענְד אוּנְד זִיבְּצֶעהְן׃

40 דִיא לְוִיִּם, דִיא קִינְדֶער פוּן יֵשׁוּעַ אוּנְד קַדְמִיאֵל, פוּן דִיא קִינְדֶער הוֹדַוְיָה, פִיעֶר אוּנְד זִיבֶּעצִיג׃

41 דִיא זִינְגֶערְס, דִיא קִינְדֶער פוּן אָסָף, אֵיין הוּנְדֶערְט אוּנְד אַכְט אוּנְד צְוַואנְצִיג׃

42 דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא שׁוֹעֲרִים, דִיא קִינְדֶער פוּן שַׁלּוּם, דִיא קִינְדֶער פוּן אָטֵר, דִיא קִינְדֶער פוּן טַלְמוֹן, דִיא קִינְדֶער פוּן עַקּוּב, דִיא קִינְדֶער פוּן חֲטִיטָא, דִיא קִינְדֶער פוּן שֹׁבָי, אִים גַאנְצֶען, אֵיין הוּנְדֶערְט אוּנְד נַיין אוּנְד דְרֵייסִיג׃

43 דִיא נְתִינִים, דִיא קִינְדֶער פוּן צִיחָא, דִיא קִינְדֶער פוּן חֲשׂוּפָא, דִיא קִינְדֶער פוּן טַבָּעוֹת׃

44 דִיא קִינְדֶער פוּן קֵרוֹס, דִיא קִינְדֶער פוּן סִיעֲהָא, דִיא קִינְדֶער פוּן פָּדוֹן׃

45 דִיא קִינְדֶער פוּן לְבָנָה, דִיא קִינְדֶער פוּן חֲגָבָה דִיא קִינְדֶער פוּן עַקּוּב׃

46 דִיא קִינְדֶער פוּן חָגָב, דִיא קִינְדֶער פוּן שַׁלְמַי, דִיא קִינְדֶער פוּן חָנָן׃

47 דִיא קִינְדֶער פוּן גִּדֵּל, דִיא קִינְדֶער פוּן גַחַר, דִיא קִינְדֶער פוּן רְאָיָה׃

48 דִיא קִינְדֶער פוּן רְצִין, דִיא קִינְדֶער פוּן נְקוֹדָא, דִיא קִינְדֶער פוּן גַזָּם׃

49 דִיא קִינְדֶער פוּן עֻזָּא, דִיא קִינְדֶער פוּן פָּסֵחַ, דִיא קִינְדֶער פוּן בֵּסָי׃

50 דִיא קִינְדֶער פוּן אַסְנָה, דִיא קִינְדֶער פוּן מְעוּנִים, דִיא קִינְדֶער פוּן נְפוּסִים׃

51 דִיא קִינְדֶער פוּן בַּקְבּוּק, דִיא קִינְדֶער פוּן חֲקוּפָא, דִיא קִינְדֶער פוּן חַרְחוּר׃

52 דִיא קִינְדֶער פוּן בַּצְלוּת, דִיא קִינְדֶער פוּן מְחִידָא, דִיא קִינְדֶער פוּן חַרְשָׁא׃

53 דִיא קִינְדֶער פוּן בַּרְקוֹס, דִיא קִינְדֶער פוּן סִיסְרָא, דִיא קִינְדֶער פוּן תָּמַח׃

54 דִיא קִינְדֶער פוּן נְצִיחַ, דִיא קִינְדֶער פוּן חֲטִיפָא׃

55 דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא קְנֶעכְט פוּן שְׁלֹמֹה, דִיא קִינְדֶער פוּן סוֹטַי, דִיא קִינְדֶער פוּן הַסוֹפֶרֶת, דִיא קִינְדֶער פוּן פְּרוּדָא׃

56 דִיא קִינְדֶער פוּן יַעֲלָה, דִיא קִינְדֶער פוּן דַרְקוֹן, דִיא קִינְדֶער פוּן גִדֵל׃

57 דִיא קִינְדֶער פוּן שְׁפַטְיָה, דִיא קִינְדֶער פוּן חַטִיל, דִיא קִינְדֶער פוּן פּוֹכֶרֶת הַצְבָיִים, דִיא קִינְדֶער פוּן אָמִי׃

58 אַלֶע נְתִינִים אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן שְׁלֹמֹה'ס קְנֶעכְט, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, דְרַייא הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַוייא אוּנְד נֵיינְצִיג׃

59 אוּנְד דָאס זֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע וֶועלְכֶע זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן תֵּל־מֶלַח, תֵּל־חַרְשָׁא, כְּרוּב, אַדָן, אִמֵר; אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט אָנְ־צֵייגֶען דָאס הוֹיז פוּן זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד זֵייעֶר זָאמֶען, אוֹיבּ זֵייא זֶענֶען פוּן יִשְׂרָאֵל׃

60 דִיא קִינְדֶער פוּן דְלָיָה, דִיא קִינְדֶער פוּן טוֹבִיָה, דִיא קִינְדֶער פוּן נְקוֹדָא, זֶעקְס הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַוייא אוּנְד פוּפְצִיג׃

61 אוּנְד פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא כּוֹהֲנִים, דִיא קִינְדֶער פוּן חֲבַיָה, דִיא קִינְדֶער פוּן הַקוֹץ, דִיא קִינְדֶער פוּן בַּרְזִלַי, וֶועלְכֶער הָאט גֶענוּמֶען אַ ווייבּ פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן בַּרְזִלַי הַגִלְעָדִי, אוּנְד עֶר אִיז גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען נָאךְ זֵייעֶר נָאמֶען׃

62 דִיא דָאזִיגֶע הָאבֶּען גֶעזוּכְט זֵייעֶר יִחוּס בְּרִיף, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעפוּנֶען, דָארוּם זֶענֶען זֵייא גֶע־וֶועזֶען וִויא פֶערְאוּמְוֶוערְדִיגְט צוּ דִיא כְּהוּנָה׃

63 אוּנְד דֶער תִּרְשָׁתָא הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אַז זֵייא מָארֶען נִיט עֶסֶען פוּן דֶעם קָדְשֵׁי קָדָשִׁים בִּיז אַ כּוֹהֵן וֶועט אוֹיפְשְׁטֵייִן מִיט דִיא אוּרִים אוּנְד תוּמִים׃

64 דִיא גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג אִין אֵיינֶעם אִיז גֶעוֶועזֶען צְוַוייא אוּנְד פִירְצִיג טוֹי־זֶענְד דְרַייא הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעכְצִיג׃

65 חוּץ זֵייעֶרֶע קְנֶעכְט אוּנְד זֵייעֶרֶע דִינְסְט־מֵיידֶען, דִיזֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען טוֹיזֶענְד דְרַייא הוּנְדֶערְט אוּנְד זִיבֶּען אוּנְד דְרֵייסִיג, אוּנְד צְווִישֶׁען זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְוַוייא הוּנְדֶערְט זִינְגֶערְס אוּנְד זִינְגֶערִינְס׃

66 זֵייעֶרֶע פֶערְד זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעכְס אוּנְד דְרֵייסִיג, אוּנְד צְוַוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף אוּנְד פִירְצִיג מוֹילְאֵייזֶעלְן׃

67 זֵייעֶרֶע קֶעמֶעלְן פִיעֶר הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף אוּנְד דְרֵייסִיג, אוּנְד זֵייעֶרֶע אֵייזֶעלְן זֶעכְס טוֹיזֶענְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג׃

68 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ גָאט'ס הוֹיז וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם, הָאבֶּען מְנַדֵב גֶעוֶועזֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן גָאט כְּדֵי עֶס (ווִידֶער) אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען אוֹיף זֵיינֶער שְׁטֶעל׃

69 זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען נָאךְ זֵייעֶר כּוֹחַ צוּ דֶעם אוֹצָר פוּן דֶער מְלָאכָה אֵיין אוּנְד זֶעכְצִיג טוֹיזֶענְד דַרְכְּמוֹנִים גָאלְד, אוּנְד פִינְף טוֹיזֶענְד מָנִים זִילְבֶּער, אוּנְד אֵיין הוּנְדֶערְט לֵייבּ־רֶעק פַאר דִיא כּוֹהֲנִים׃

70 אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען דִיא כּוֹהֲנִים אוּנְד דִיא לְוִיִם, אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד דִיא זִינְגֶערְס, אוּנְד דִיא



טוֹיעֶר

טוֹיעֶר הִיטֶערְס, אוּנְד דִיא נְתִינִים גֶעווָאוֹינְט אִין זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט, אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל אִין זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט:

קאפיטעל ג

1 אוּנְד ווֶוען דֶער זִיבֶּעטֶער חוֹדֶשׁ אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעוועֶזֶען אִין זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט, אַזוֹי הָאט זִיךְ דָאס פָאלְק פֶערְזַאמֶעלְט אַזוֹי ווִיא אֵיין מַאן נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם:

2 אַזוֹי אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען יֵשׁוּעַ זוּהְן פוּן יוֹצָדָק אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער דִיא כּוֹהֲנִים, אוּנְד זְרוּבָּבֶל זוּהְן פוּן שְׁאַלְתִּיאֵל אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אוֹיף אִיהְם מַקְרִיב צוּ זֵיין דִיא קָרְבַּן עוֹלוֹת, אַזוֹי ווִיא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין תּוֹרַת מֹשֶׁה, דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן:

3 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעבְּרֵייט דֶעם מִזְבֵּחַ אוֹיף זֵיינֶע שְׁטֶעל, ווָארִין עֶס אִיז אוֹיף זֵייא גֶעוועֶזֶען אַ מוֹרָא פוּן ווֶעגֶען דִיא פֶעלְקֶער פוּן דִיא לֶענְדֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם מַקְרִיב גֶעוועֶזֶען דִיא קָרְבַּן עוֹלוֹת צוּ גָאט, אִיטְלִיכֶען מָארְגֶען אוּנְד אָבֶּענְד:

4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען דֶעם חַג הַסֻּכּוֹת אַזוֹי ווִיא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּנְד דָאס טֶעגְלִיכֶע קָרְבַּן עוֹלָה נָאךְ דֶער צָאל, נָאךְ דֶעם רֶעכְט פוּן (אִיטְלִיכֶער) זַאךְ פוּן אִיטְלִיכֶען טָאג:

5 אוּנְד נָאכְדֶעם הָאבֶּען זֵייא מַקְרִיב גֶעוועֶזֶען דָאס בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶע בְּרַאנְד־אָפְּפֶער פַאר אִיטְלִיכֶען רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אוּנְד פַאר אִיטְלִיכֶען הֵיילִיגֶען יוֹם טוֹב פוּן גָאט, אוּנְד פוּן אִיטְלִיכֶען ווָאס הָאט מְנַדֵּב גֶעוועֶזֶען אַ נְדָבָה פַאר גָאט:

6 פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶעם זִיבֶּעטֶען חוֹדֶשׁ אָן הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען מַקְרִיב צוּ זֵיין דִיא קָרְבַּן עוֹלוֹת צוּ גָאט, אוּנְד גָאט'ס הֵיכָל אִיז נָאךְ נִיט גֶעגְרוּנְדֶעט גֶעווָארֶען:

7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען דָאס גֶעלְד צוּ דִיא שְׁטֵיין הַאקֶערְס אוּנְד צוּ דִיא מֵייסְטֶערְס, אוּנְד עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען, אוּנְד אֵייל צוּ דִיא צִידוֹנִים אוּנְד צוּ דִיא צוֹרִים, כְּדֵי צוּ בְּרֶענְגֶען טֶענֶענְבֵּיימֶער פוּן דֶעם לְבָנוֹן צוּ דֶעם יַם פוּן יָפוֹא נָאךְ דֶעם רְשׁוּת פוּן כּוֹרֶשׁ מֶלֶךְ פוּן פָּרַס ווָאס אִיז גֶעוועֶזֶען צוּ זֵייא:

8 אוּנְד אִין דֶעם צְווֵייטֶען יָאהְר פוּן זֵייעֶר אָנְקוּמֶען צוּ גָאט'ס הוֹיז נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אִין דֶעם צְווֵייטֶען חוֹדֶשׁ, הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען זְרֻבָּבֶל זוּהְן פוּן שְׁאַלְתִּיאֵל, אוּנְד יֵשׁוּעַ זוּהְן פוּן יוֹצָדָק, אוּנְד זֵייעֶרֶע אִיבְּרִיגֶע בְּרִידֶער, דִיא כּוֹהֲנִים אוּנְד דִיא לְוִיִּם, אוּנְד אַלֶע ווָאס זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן דֶער גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא לְוִיִּם פוּן צְווַאנְצִיג יָאהְר אָן אוּנְד דַארִיבֶּער, אַלְס אוֹיפְזֶעהֶערְס אִיבֶּער דֶער אַרְבֵּייט פוּן גָאט'ס הוֹיז:

9 אוּנְד עֶס הָאבֶּען זִיךְ אַהִינְגֶעשְׁטֶעלְט יֵשׁוּעַ, זֵיינֶע זִיהְן אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער, קַדְמִיאֵל אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן, דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה, אַזוֹי ווִיא אֵיין מַאן אַלְס אוֹיפְזֶעהֶערְס אִיבֶּער דִיא ווָאס הָאבֶּען גֶעטְהוּן דִיא אַרְבֵּייט אִין גָאט'ס הוֹיז, דִיא זִיהְן פוּן חֵנָדָד, זֵייעֶרֶע זִיהְן אוּנְד זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער דִיא לְוִיִּם:

10 אוּנְד װָען דִיא בּױעֶרְס הָאבֶּען גֶעלֵייגְט דֶעם גְרוּנְד פוּן גָאט'ס הֵיכָל אַזױ הָאבֶּען זִיךְ דִיא כּוֹהֲנִים גֶעשְׁטֶעלְט אִין זֵייעֶרֶע כּוֹהֲנִישֶׁע קְלֵיידֶער מִיט טְרָאמְפֶּייטֶען, אוּנְד דִיא לְוִיִם, דִיא זִיהְן פוּן אָסָף מִיט דִיא צִימְבֶּעלְן כְּדֵי גָאט צוּ לױבֶּען נָאךְ דֶער אָרְדְנוּנְג פוּן דָוִד מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל׃

11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּזַאמֶען גֶעזוּנְגֶען אוּנְד גֶעלױבְּט גָאט, װָארִין עֶר אִיז גוּט, װָארִין זֵיין חֶסֶד גֶעדױעֶרְט בִּיז אױף אֵייבִּיג אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָּאלְק הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ גְרױס גֶעשְׁרֵייא, מִיט לױבּ צוּ גָאט פוּן װֶעגֶען דֶעם גְרוּנְד לֵייגוּנְג פוּן גָאט'ס הױז׃

12 אוּנְד פִילֶע פוּן דִיא אַלְטֶע כּוֹהֲנִים אוּנְד לְוִיִם אוּנְד דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת װָאס הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען מִיט זֵייעֶרֶע אױגֶען דָאס עֶרְשְׁטֶע בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד דִיא גְרוּנְד לֵייגוּנְג פוּן דֶעם דָאזִיגֶען הױז אַזױ הָאבֶּען זֵייא גֶעװֵיינְט מִיט אַ גְרױס קוֹל, אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען גֶעשַׁאלְט אוּנְד אױפְגֶעהױבֶּען דָאס קוֹל מִיט שִׂמְחָה׃

13 אוּנְד דָאס פָּאלְק הָאט נִיט דֶערְקֶענְט צְוִוישֶׁען דֶעם שַׁאל פוּן פְרֵייד אוּנְד דֶעם קוֹל פוּן גֶעװֵיין פוּן דֶעם פָּאלְק, װָארִין דָאס פָּאלְק הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ גְרױסֶען שַׁאל, אַזױ דָאס זֵייעֶר קוֹל אִיז גֶעהֶערְט גֶעװָארֶען פוּן דֶער װֵייטֶען׃

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד װָען דִיא פֵיינְד פוּן יְהוּדָה אוּנְד בִּנְיָמִין הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם גָלוּת בּױעֶן דֶעם הֵיכָל פוּן יְהֹוָה דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל׃

2 אַזױ הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ זְרוּבָּבֶל אוּנְד צוּ דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מִיר װֶעלֶען מִיט אֵייךְ בּױעֶן, װָארִין מִיר װִילֶען אַזױ גוּט װִיא אִיהְר אֵייעֶרֶען גָאט זוּכֶען, אוּנְד מִיר הָאבֶּען צוּ אִיהְם קָרְבָּנוֹת מַקְרִיב גֶעװֶעזֶען פוּן דִיא טֶעג אָן װָען אֵסַר חַדּוֹן מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר הָאט אוּנְס דָא אַרױפְגֶעבְּרַאכְט׃

3 אָבֶּער זְרוּבָּבֶל אוּנְד יֵשׁוּעַ, אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע רָאשֵׁי הָאָבוֹת פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גָארְנִיט מִיט אֵיינַאנְדֶער צוּ טְהוּן (צוּזַאמֶען) צוּ בּױעֶן דָאס הױז פוּן אוּנְזֶער גָאט, נֵייעֶרְט מִיר װֶעלֶען גַאנְץ אַלֵיין בּױעֶן צוּ יְהֹוָה דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזױ װִיא כּוֹרֶשׁ הַמֶלֶךְ, הָאט אוּנְס גֶעבֶּאטֶען׃

4 אוּנְד דָאס פָּאלְק פוּן דֶעם לַאנְד הָאט שְׁלַאף גֶעמַאכְט דִיא הֶענְד פוּן דֶעם פָּאלְק פוּן יְהוּדָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא דֶערשְׁרָאקֶען בֵּייא דֶעם בּױעֶן׃

5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעדוּנְגֶען עֵצָה גֶעבֶּערְס כְּדֵי צוּ פֶערשְׁטֶערֶען זֵייעֶרֶע עֵצוֹת אַלֶע טֶעג פוּן כּוֹרֶשׁ מֶלֶךְ פוּן פָּרַס, בִּיז צוּ דֶעם מַלְכוּת פוּן דָרְיָוֶשׁ מֶלֶךְ פוּן פָּרַס׃

6 אוּנְד אִין דֶעם אָנְהֵייבּ פוּן דֶער רֶעגִירוּנְג פוּן דֶעם מֶלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁרִיבֶּען אֵיינֶע אָנְקְלָאג אִיבֶּער דִיא בֶּעװָאוינֶערְס פוּן יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם׃

7 אוּנְד אִין דִיא טֶעג פוּן אַרְתַּחְשַׁשְׂתָּא הָאבֶּען בִּשְׁלָם, מִתְרְדָת, טָבְאֵל אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע פוּן זֵייעֶרֶע חֲבֵרִים גֶעשְׁרִיבֶּען צוּ אַרְתַּחְשַׁשְׂתָּא מֶלֶךְ פוּן פָּרַס,

אוּנְד

אוּנְד דִיא גֶעשְׁרִיפְט פוּן דֶעם בְּרִיף
אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף אֲרָמִית, אוּנְד דֶער
תַּרְגֻּם דֶערְפוּן, אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אוֹיף
אֲרָמִית׃
8 רְחוּם דֶער בַּעַל עֵצָה אוּנְד שִׁמְשַׁי
דֶער סוֹפֵר הָאבֶּען גֶעשְׁרִיבֶּען אַ בְּרִיף
קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם צוּ אַרְתַּחְשַׁשְׁתָּא דֶעם
מֶלֶךְ נָאךְ דֶעם אוֹפֶן׃
9 דֶעמָאלְט הָאט רְחוּם דֶער בַּעַל
עֵצָה אוּנְד שִׁמְשַׁי דֶער סוֹפֵר אוּנְד דִיא
אִיבְּרִיגֶע פוּן זַיינֶע חֲבֵרוּתָה, דִיא דִינָיִם,
אוּנְד דִיא אֲפַרְסַתְכָיִם, אוּנְד דִיא
טַרְפְּלָיִם, אוּנְד דִיא אֲפָרְסִים, אוּנְד דִיא
אַרְכְּוָיִם, אוּנְד דִיא בַּבְלָיִם, אוּנְד דִיא
שׁוּשַׁנְכָיִם, אוּנְד דִיא דֶהָוִים, אוּנְד דִיא
עֵלְמָיִם׃
10 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע פֶעלְקֶער וָואס
דֶער גְרוֹיסֶער אוּנְד טֵייעֶרֶער אָסְנַפַּר
הָאט אַרִיבֶּערְגֶעבְּרַאכְט אוּנְד הָאט זֵייא
בֶּעזֶעצְט אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן שׁוֹמְרוֹן,
אוּנְד אִין דִיא אִיבְּרִיגֶע (גֶעגֶענְד) וָואס
זֶענֶען אַן דֶער זַייט פוּן דֶעם טַייךְ
(פְּרָת) אוּנְד בַּייא כְּעֶנֶת׃
11 דָאס אִיז דִיא אָפְּשְׁרִיפְט פוּן דֶעם
בְּרִיף וָואס זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
שִׁיקְט, צוּ אַרְתַּחְשַׁשְׁתָּא דֶעם מֶלֶךְ;
דַיינֶע קְנֶעכְט דִיא מֶענֶער פוּן דֶער
זַייט פוּן דֶעם טַייךְ כְּעֶנֶת׃
12 לָאז עֶס צוּ דֶעם מֶלֶךְ בֶּעוְואוּסְט
זַיין אַז דִיא יוּדֶען וָואס זֶענֶען פוּן דִיר
אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען צוּ אוּנְס זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם דִיא שְׁלֶעכְטֶע
שְׁטָאט וָואס הָאט מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען, דִיא
בּוֹיעֶן זֵייא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעלֵייגְט
דֶעם גְרוּנְד פוּן דִיא מוֹיעֶרְן, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען דֶעם גְרוּנְד צוּזַאמֶען בֶּע־
הֶעפְט׃

13 אַצוּנְד לָאז עֶס בֶּעוְואוּסְט וֶוערֶען
צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אַז וֶוען דֶער גְרוּנְד פוּן
דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט אוּנְד דִיא מוֹיעֶרְן
וֶועלֶען וִוידֶער אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט וֶוערֶען
אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא נִיט וֶועלֶען בֶּעצָאלֶען
דֶעם מַס, פוּן אִיטְלִיכֶען וָואס גֵייט
אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד אַזוֹי וֶועט דֶער
מַס פַאר דִיא מְלָכִים פֶערְלוֹירֶען וֶוע־
רֶען׃
14 אַצוּנְד וַוייל מִיר הָאבֶּען אֵיין
אֵיינְקוּמֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ'ס פַּאלַאסְט,
אוּנְד עֶס אִיז נִיט רֶעכְט אַז מִיר זָאלֶען
עֶס זֶעהֶען אוּנְד דֶערְצוּ שְׁוַוייגֶען,
דָארִיבֶּער הָאבֶּען מִיר גֶעשִׁיקְט אוּנְד
הָאבֶּען עֶס דֶעם מֶלֶךְ צוּ וִויסֶען גֶע־
טְהוּן׃
15 אַז וֶוען מֶען וֶועט נָאכְפָארְשֶׁען אִין
דֶעם סֵפֶר זִכְרוֹנוֹת פוּן דַיינֶע פֶעטֶער,
אַזוֹי וֶועט מֶען גֶעפִינֶען אִין דֶעם סֵפֶר
זִכְרוֹנוֹת, אוּנְד דוּא וֶועסְט וִויסֶען אַז
דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט הָאט מוֹרֵד גֶעוֶוע־
זֶען, אוּנְד זִיא הָאט שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן
צוּ דִיא מְלָכִים אוּנְד צוּ דִיא מְדִינוֹת,
אוּנְד אַז מְרִידוֹת זֶענֶען אִין אִיהְר גֶע־
טְהוּן גֶעוָוארֶען פוּן דֶער אַלְטֶע צַייט
הֶער, אִיבֶּער דֶעם אִיז דִיא דָאזִיגֶע
שְׁטָאט חָרוּב גֶעוָוארֶען׃
16 מִיר לָאזֶען דֶעם מֶלֶךְ צוּ וִויסֶען
טְהוּן, דָאס וֶוען דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט
זָאל וִוידֶער אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט וֶוערֶען, אוּנְד
אִיהְרֶע מוֹיעֶרְן גֶעגְרוּנְדֶעט וֶוערֶען, אַז
דוּא וֶועסְט וֶועגֶען דֶעם נִיט מֶעהְר
הָאבֶּען קֵיין חֵלֶק אַן דִיזֶער זַייט פוּן
דֶעם טַייךְ׃
17 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעשִׁיקְט אֵיין
עֶנְטְפֶער צוּ רַחוּם דֶעם בַּעַל־עֵצָה,
אוּנְד צוּ שִׁמְשַׁי דֶעם סוֹפֵר, אוּנְד צוּ

דיא איבריגע פון זיינע לייט וואס
האבען געוואוינט אין שמרון, אונד צו
דיא איבריגע וואס זענען אן דיזער
זייט פון דעם טייך, (אין) שלם אונד
צו כעת:

18 דעם בריף וואס איהר האט צו
מיר געשיקט, איז בפירוש פאר מיר
געליינט געווארען:

19 איך האב געבאטען, אונד מען
האט נאכגעפארשט, אונד מען האט
געפונען אז דיא דאזיגע שטאט האט
זיך פון אייביג אן דערהויבען קעגען
מלכים, אונד האט מורד געוועזען אונד
עס איז אין איהר א פערבונד געטהון
געווארען:

20 אונד דיא שטארקע מלכים זענען
געוועזען איבער ירושלים, אונד דאס
זייא האבען געוועלטיגט איבער אלע
לענדער פון דער אנדערער זייט פון
דעם טייך, אונד זייא האבען צו זייא
בעצאלט מכס אונד מס פון דיא
וואס גייען אויף דעם וועג:

21 אצונד, מאכט א געבאט אז מען
זאל שטערען דיא דאזיגע מענער, אז
דיא דאזיגע שטאט זאל ניט געבויעט
ווערען, ביז איין אנדערעס געבאט
וועט פון מיר געגעבען ווערען:

22 אונד איהר זאלט אייך היטען
אז איהר זאלט גוט אכטונג געבען
אונד קיין פעהלער מאכען וועגען
דעם, פארוואס זאל דען א גרעסערער
היזק וואקסען פאר דיא מלכים?

23 דענסמאל ווען דיא אפשריפט פון
דעם בריף פון דעם מלך ארתחששתא
איז געליינט געווארען פאר רחום אונד
שמשי הסופר אונד זיירע חברתה,
אזוי זענען זייא געשווינד אהינגעגאנ־
גען נאך ירושלים צו דיא יהודים,
אונד זייא האבען זייא געשטערט מיט
מאכט אונד קראפט:

24 דענסמאל האט דיא ארבייט פון
גאט'ס הויז וואס איז אין ירושלים
אויפגעהערט, ביז צו דעם צווייטען
יאהר פון דער רעגירונג פון דריוש
מלך פון פרס:

## קאפיטעל ה

1 אונד דיא נביאים חגי, אונד זכריה
זוהן פון עדוא האבען נביאות געזאגט
צו דיא יודען וואס זענען געוועזען
אין יהודה אונד אין ירושלים, אין
דעם נאמען פון דעם גאט פון ישראל,
דהיינו צו זייא:

2 דענסמאל איז אויפגעשטאנען זרבבל
זוהן פון שאלתיאל, אונד ישוע זוהן
פון יוצדק, אונד זייא האבען אנגע־
הויבען צו בויען גאט'ס הויז וואס איז
אין ירושלים; אונד מיט זייא זענען
געוועזען דיא נביאים פון גאט וואס
האבען זייא געהאלפען:

3 אין דערזעלביגער צייט איז צו זייא
אנגעקומען תתני, דער גובערנאטאר
פון דיזער זייט פון דעם טייך, אונד
שתר־בוזני אונד זיירע חברותה, אונד
זייא האבען צו זייא אזוי געזאגט,
ווער האט אייך געבאטען דאס דא־
זיגע הויז צו בויען, אונד דיא מויערן
דערפון אויפצושטעלען?

4 דענסמאל האבען מיר צו זייא
געזאגט—אזוי וויא דא ווייטער שטייט—
וויא הייסען דיא מענער וואס בויען
דעם בנין?

5 אבער דאס אויג פון זייער גאט
איז געוועזען איבער דיא עלצטע פון
דיא יהודים, אז זייא זאלען זייא ניט

קֶענֶען שְׁטֶערֶען בִּיז דִיא זַאךְ אִיז
פָארְגֶעקוּמֶען צוּ דָרְיָוֶשׁ, אוּנְד דֶערְנָאךְ
הָאבֶּען זֵייא וִוידֶער אַ בְּרִיף גֶעשְׁרִיבֶּען
וֶוענֶען דֶער זַאךְ:
6 דָאס אִיז דִיא אָפְּשְׁרִיפְט פוּן דֶעם
בְּרִיף וָואס תַּתְּנַי דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר
פוּן דִיזֶער זֵייט פוּן דֶעם טַייךְ, אוּנְד
שְׁתַר־בּוֹזְנַי אוּנְד זֵיינֶע חַבְרוּתָה, דִיא
אַפַרְסְכָיֵא וָואס זֶענֶען אִין דִיזֶער זֵייט
פוּן דֶעם טַייךְ, הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט צוּ
דָרְיָוֶשׁ הַמֶּלֶךְ:
7 זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט אַ
בְּרִיף, אוּנְד אַזוֹי אִיז דַארִין גֶעשְׁרִיבֶּען
גֶעוֶועזֶען:—צוּ דָרְיָוֶשׁ הַמֶּלֶךְ זָאל זַיין
דֶער גַאנְצֶער שָׁלוֹם!
8 לָאז עֶס בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט וֶוערֶען
צוּ דֶעם מֶלֶךְ, דָאס מִיר זֶענֶען אַהִינְ־
גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם לַאנְד יְהוּדָה צוּ דֶעם
הויז פוּן דֶעם גְרויסֶען גָאט, וָואס אִיז
גֶעבּוֹיעֶט מִיט (גְרויסֶע) מַארְמָאר־
שְׁטֵיינֶער, אוּנְד מִיט הָאלְץ זֶענֶען דִיא
וֶוענְד גֶעשְׁטַארְקְט, אוּנְד דִיא אַרְבֵּייט
וֶוערְט גֶעטְהוּן אוּנְד אִיז מַצְלִיחַ אִין
זֵיירֶע הֶענְד:
9 דֶענְסְמָאל הָאבֶּען מִיר אָנְגֶעפְרֶעגְט
בֵּייא דִיא דָאזִיגֶע עֶלְצְטֶע, אוּנְד מִיר
הָאבֶּען צוּ זֵייא אַזוֹי גֶעזָאגְט, וֶוער
הָאט אֵייךְ דֶערְלוֹיבֶּענִים גֶעגֶעבֶּען דָאס
דָאזִיגֶע הויז אויפְצוּבּוֹיעֶן אוּנְד דִיא
וֶוענְד דֶערְפוּן אויפְצוּשְׁטֶעלֶען?
10 אוּנְד מִיר הָאבֶּען אויךְ נָאכְגֶע־
פְרֶעגְט נָאךְ דִיא נֶעמֶען כְּדֵי דִיר צוּ
ווִיסֶען צוּ טְהוּן, אַז מִיר זָאלֶען דִיר
אויפְשְׁרֵייבֶּען דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא מֶענֶער
וָואס זֶענֶען אַן זֵיירֶע אויבֶּערשְׁטֶע:
11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אוּנְס גֶע־
עֶנְטְפֶערְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, מִיר זֶענֶען
דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם גָאט פוּן הִימֶעל
אוּנְד עֶרְד, אוּנְד מִיר בּוֹיעֶן אויף דָאס
הויז וָואס אִיז שׁוֹין פְרִיהֶער פוּן פִילֶע
יָאהְרֶען גֶעבּוֹיעֶט גֶעוֶועזֶען, וָואס אַ
גְרויסֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעבּוֹיעֶט
אוּנְד הָאט אויפְגֶעשְׁטֶעלְט:
12 אוּנְד וֵוייל אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען
דֶערְצָארְנְט דֶעם גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל
אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט
אִין דִיא הַאנְד פוּן נְבוּכַדְנֶצַּר מֶלֶךְ פוּן
בָּבֶל, פוּן דִיא כַּשְׂדִים, אוּנְד עֶר הָאט
דָאס דָאזִיגֶע הויז חָרוּב גֶעמַאכְט, אוּנְד
דָאס פָאלְק הָאט עֶר פֶערְטְרִיבֶּען נָאךְ
בָּבֶל:
13 אָבֶּער אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען יָאהְר
פוּן כּוֹרֶשׁ מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל, הָאט כּוֹרֶשׁ
הַמֶּלֶךְ גֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהְל אַז מֶען
זָאל דָאס דָאזִיגֶע גָאט'ס הויז וִוידֶער
אויפְבּוֹיעֶן:
14 אויךְ דִיא כֵּלִים פוּן גָאט'ס הויז,
פוּן גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער וָואס נְבוּכַדְנֶצַּר
הָאט אַרויסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם הֵיכָל
וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
עֶר הָאט זֵייא אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם
הֵיכָל וָואס אִיז אִין בָּבֶל, זֵייא הָאט
כּוֹרֶשׁ הַמֶּלֶךְ אַרויסְגֶעבְּרַאכְט אויס דֶעם
הֵיכָל פוּן בָּבֶל אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
גֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן שֵׁשְׁבַּצַּר,
וֶועמֶען עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַלְס גוּבֶּערְ־
נַאטָאר:
15 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
נֶעם דִיא דָאזִיגֶע כֵּלִים, אוּנְד גֵייא
אוּנְד בְּרֶענְג זֵייא אַרוּפ צוּ דֶעם הֵיכָל
וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד לָאז
גָאט'ס הויז וִוידֶער אויפְגֶעבּוֹיעֶט וֶוערֶען
אַן זֵיין אָרְט:
16 דֶענְסְמָאל וֶוען דִיזֶער שֵׁשְׁבַּצַּר אִיז

אָנְגֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעלֵייגְט
דֶעם גְרוּנְד פוּן גָאט'ס הױז װָאס אִיז
אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד פוּן דֶענְסמָאל אָן
בִּיז אַצוּנְד װֶערְט דָאס הױז גֶעבּױעֶט,
אוּנְד עֶס אִיז נָאךְ נִיט פַארְטִיג:
17 אוּנְד אַצוּנְד װֶען עֶס גֶעפֶעלְט דֶעם
מֶלֶךְ, לָאז עֶס אױסְגֶעפָארְשְׁט װֶערֶען
אִין דֶעם אוֹצָר הױז פוּן דֶעם מֶלֶךְ
װָאס אִיז דָארְט אִין בָּבֶל, אױבּ עֶס
אִיז אַזױ, דָאס כּוֹרֶשׁ הַמֶלֶךְ הָאט
אױסְגֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהְל אַז מֶען זָאל
אױפְבּױעֶן גָאט'ס הױז װָאס אִיז אִין
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד לָאז דֶער װִילֶען פוּן
דֶעם מֶלֶךְ אִיבֶּער דִיא זַאךְ צוּ אוּנְס
צוּגֶעשִׁיקְט װֶערֶען:

## קאַפּיטעל ו

1 דֶענְסמָאל הָאט דָרְיָוֶשׁ הַמֶלֶךְ בֶּע־
פוֹילֶען, אוּנְד מֶען הָאט נָאכְגֶעפָארְשְׁט
אִין בִּיכֶער הױז אַװוּ דִיא אוֹצָרוֹת
זֶענֶען דָארְט אִין בָּבֶל:
2 אוּנְד מֶען הָאט גֶעפוּנֶען אִין אַחְמְתָא,
אִין דֶעם פַּאלַאסְט, אִין דֶער מְדִינָה
פוּן מָדַי; אַ מְגִלָה, אוּנְד אִין אִיהְר
אִיז אַזױ גֶעשְׁטַאנֶען גֶעשְׁרִיבֶּען אַיין
גֶעדֶעכְטֶענִיס:
3 אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען יָאהְר פוּן כּוֹרֶשׁ
הַמֶלֶךְ, הָאט דֶערְזֶעלְבִּיגֶער כּוֹרֶשׁ הַמֶלֶךְ
גֶעמַאכְט אַ גֶעבָּאט װֶעגֶען גָאט'ס הױז
אִין יְרוּשָׁלַיִם, לָאז דָאס הױז אױפְגֶע־
בּױעֶט װֶערֶען, דְהַיינוּ דֶער אָרְט אַװוּ
מֶען זָאל מַקְרִיב זַיין קָרְבָּנוֹת, אוּנְד
לָאזֶען דִיא גְרוּנְד־פֶעסְטֶען דֶערְפוּן
שְׁטַארְק גֶעמַאכְט װֶערֶען; זַיינֶע הױךְ
זֶעכְצִיג אֵיילֶען אוּנְד זַיינֶע בְּרֵייט זֶעכְצִיג
אֵיילֶען:
4 מִיט דְרַייא צֵיילֶען פוּן גְרױסֶע
(מַארְמוֹר) שְׁטֵיינֶער, אוּנְד אֵיינֶע צֵייל
פוּן נַייא הָאלְץ, אוּנְד דִיא הוֹצָאָה
דֶערְפוּן זָאל גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען אױס
דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען הױז:
5 אוּנְד לָאזֶען אױךְ דִיא כֵּלִים פוּן
גָאטְ'ס הױז, דִיא גָאלְדֶענֶע אוּנְד
זִילְבֶּערְנֶע, װָאס נְבוּכַדְנֶצַר הָאט אַװֶעקְ־
גֶענוּמֶען אױס דֶעם הֵיכָל װָאס אִיז אִין
יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד הָאט זַייא גֶעבְּרַאכְט
נָאךְ בָּבֶל, צוּרִיקְגֶעגֶעבֶּען װֶערֶען אַז
מֶען זָאל זַייא בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם הֵיכָל
װָאס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם, אָן זַייעֶר אָרְט,
אוּנְד אַהִינְגֶעלֵייגְט װֶערֶען אִין גָאטְ'ס
הױז:
6 אַצוּנְד, תַּתְּנַי, דוּא גוּבֶּערְנַאטָאר
פוּן דִיזֶער זַייט פוּן דֶעם טַייךְ, שְׁתַר־
בּוֹזְנָא אוּנְד זַיירֶע חַבְרוּתָה דִיא
אֲפַרְסְכִים, װָאס זֶענֶען אַן יֶענֶער זַייט
פוּן דֶעם טַייךְ, אִיהְר זָאלְט אַייךְ דֶערְ־
װַייטֶערְן פוּן דָארְטֶען:
7 לָאזְט דִיא אַרְבֵּייט פוּן דֶעם דָאזִי־
גֶען גָאטְ'ס הױז גֶעמַאכְט װֶערֶען;
לָאז דֶער אױבֶּערְשְׁטֶער פוּן דִיא יְהוּדִים,
אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא יְהוּדִים
דָאס דָאזִיגֶע גָאטְ'ס הױז װִידֶער אױפְ־
בּױעֶן אױף זַיין אָרְט:
8 אוּנְד דָאס גֶעבָּאט אִיז פוּן מִיר
גֶעגֶעבֶּען װִיא אִיהְר זָאלְט אַרְבֵּייטֶען
מִיט דִיא דָאזִיגֶע עֶלְצְטֶע פוּן דִיא
יְהוּדִים, כְּדֵי גָאטְ'ס הױז אױפְצוּבּױעֶן,
אוּנְד פוּן דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען אֵיינְקוּמֶען,
דְהַיינוּ פוּן דֶעם מַס פוּן יֶענֶער זַייט
פוּן דֶעם טַייךְ, זָאל (גִיךְ אוּנְד)
פִּינְקְטְלִיךְ דִיא הוֹצָאָה גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען
צוּ דִיא דָאזִיגֶע מֶענֶער, אַז זַייא זָאלֶען
נִיט גֶעשְׁטֶערְט װֶערֶען:
9 אוּנְד דָאס װָאס זַייא װֶעלֶען בְּרױ־
כֶען, פוּן יוּנְגֶע אָקְסֶען, אוּנְד װִידֶער,

אוּנְד שָׁאף פַאר קָרְבָּן עוֹלוֹת פַאר
דֶעם גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל, אוֹיךְ ווייץ,
זַאלְץ, וויין, אוּנְד אֵייל, נָאךְ דֶעם
בֶּעפֶעהְל פוּן דִיא כּוֹהֲנִים וָואס זֶענֶען
אִין יְרוּשָׁלַיִם, דָאס זָאל צוּ זֵייא אִיטְ־
לִיכֶען טָאג גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, כְּדֵי עֶס
זָאל זֵייא גָאר נִיט פֶעהְלֶען:
10 כְּדֵי זֵייא זָאלֶען קֶענֶען מַקְרִיב זֵיין
קָרְבָּנוֹת מִיט נַחַת צוּ דֶעם גָאט פוּן
דֶעם הִימֶעל, אוּנְד אַז זֵייא זָאלֶען
בֶּעטֶען פַאר דֶעם מֶלֶךְ'ס לֶעבֶּען אוּנְד
פַאר זֵיינֶע קִינְדֶער:
11 אוּנְד פוּן מִיר גֵייט אַרוֹיס דֶער
בֶּעפֶעהְל, דָאס אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ וָואס
וֶועט פֶערְעֶנְדֶערְן דָאס וָוארְט, פוּן
דֶעם זָאל מֶען אַרוֹיסְצִיהֶען אַ בַּאלְקֶען
פוּן זֵיין הוֹיז, אוּנְד מֶען זָאל דֶערְפוּן
מַאכֶען אַ תְּלִיָה, אוּנְד מֶען זָאל אִיהְם
דַארוֹיף אוֹיפְהֶענְגֶען, אוּנְד לָאז זֵיין
הוֹיז גֶעמַאכְט וֶוערֶען צוּ אַ מִיסְטְ־
הוֹיפֶען וֶועגֶען דֶער דָאזִיגֶער זַאךְ:
12 אוּנְד דֶער גָאט וָואס הָאט גֶעמַאכְט
זֵיין נָאמֶען דָארְט רוּהֶען, זָאל פֶערְ־
דַארְבֶּען אִיטְלִיכֶען מֶלֶךְ אוּנְד אִיטְלִיכֶעס
פָאלְק וָואס וֶועט אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען זֵיינֶע
הַאנְד צוּ פֶערְעֶנְדֶערְן אוּנְד צוּ פֶערְ־
דַארְבֶּען דָאס דָאזִיגֶע הוֹיז פוּן גָאט
וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם, אִיךְ דָרְיָוֶשׁ
הָאבּ גֶעבָּאטֶען, אַז עֶס זָאל גֶעשְׁוִוינְד
גֶעטְהוּן וֶוערֶען:
13 דֶענְסְמָאל הָאבֶּען תַּתְּנַי, דֶער
גוּבֶּערְנַאטָאר פוּן דִיזֶער זֵייט פוּן דֶעם
טֵייךְ, שְׁתַר־בּוֹזְנַי אוּנְד זֵיירֶע חַבְרוּתָה,
וִוען זֵייא הָאבֶּען דֶערְהַאלְטֶען דָאס
וָואס דָרְיָוֶשׁ הַמֶּלֶךְ הָאט גֶעשִׁיקְט, אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא עֶס גֶעשְׁוִוינְד גֶעטְהוּן:
14 אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא יְהוּדִים
הָאבֶּען גֶעבּוֹיעֶט אוּנְד הָאבֶּען מַצְלִיחַ
גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶער נְבוּאָה פוּן חַגַּי
הַנָּבִיא, אוּנְד זְכַרְיָה זוּהְן פוּן עִדוֹא, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעבּוֹיעֶט, אוּנְד פֶערְטִיג
גֶעמַאכְט נָאךְ דֶעם גֶעבָּאט פוּן דֶעם
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד נָאךְ דֶעם
גֶעבָּאט פוּן כּוֹרֶשׁ אוּנְד דָרְיָוֶשׁ, אוּנְד
אַרְתַּחְשַׁשְׂתְּא מֶלֶךְ פוּן פָּרָס:
15 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע הוֹיז אִיז פֶערְ־
טִיג גֶעוָוארֶען אַן דֶעם דְרִיטֶען טָאג
פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ אֲדָר, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
דָאס זֶעקְסְטֶע יָאהְר פוּן דֶער רֶעגִירוּנְג
פוּן דָרְיָוֶשׁ הַמֶּלֶךְ:
16 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל,
דִיא כּוֹהֲנִים, אוּנְד דִיא לְוִיִּם, אוּנְד
דִיא אִיבְּרִיגֶע פוּן דֶעם גָּלוּת, הָאבֶּען
מְחַנֵּךְ גֶעוֶועזֶען דָאס דָאזִיגֶע גָאטְ'ס
הוֹיז מִיט אַ שִׂמְחָה:
17 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען
צוּ דֶעם מְחַנֵּךְ זֵיין פוּן גָאטְ'ס הוֹיז,
הוּנְדֶערְט רִינְדֶער, צְווייא הוּנְדֶערְט
ווידֶער אוּנְד פִיעֶר הוּנְדֶערְט שָׁאף,
אוּנְד מְכַפֵּר צוּ זֵיין פַאר גַאנְץ יִשְׂרָאֵל
פַאר אַ קָרְבָּן חַטָּאת, צְוֶועלְף צִיגֶענְ־
בֶּעק, נָאךְ דֶער צָאל פוּן דִיא שְׁבָטִים
פוּן יִשְׂרָאֵל:
18 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַנְגֶעשְׁטֶעלְט
דִיא כּוֹהֲנִים אִין זֵיירֶע אָפְּטֵיילוּנְגֶען,
אוּנְד דִיא לְוִיִּם אִין זֵיירֶע אָפְּטֵיילוּנְגֶען,
פַאר דֶעם גָאטֶעס דִינְסְט וָואס אִיז אִין
יְרוּשָׁלַיִם, נָאךְ דֶעם וָואס שְׁטֵייט גֶע־
שְׁרִיבֶּען אִין דֶעם סֵפֶר (תּוֹרַת) מֹשֶׁה:
19 אוּנְד דִיא פוּן דֶעם גָּלוּת הָאבֶּען
גֶעמַאכְט דָאס קָרְבָּן פֶּסַח אִין דֶעם
פִירְצֶענְטֶען טָאג פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען
חוֹדֶשׁ:
20 וָוארִין דִיא כּוֹהֲנִים אוּנְד דִיא

לְוִיִם הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע מִיט אֵיינַאנְדֶער
גֶערֵיינִיגְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשָׁאכְטֶען
דָאס קָרְבָּן פֶּסַח פַאר אַלֶע וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אִין גָלוּת, אוּנְד פַאר זֵיירֶע
בְּרִידֶער דִיא כּוֹהֲנִים, אוּנְד פַאר זִיךְ
אַלֵיין:
21 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וָואס
זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן גָלוּת הָאבֶּען
דֶערְפוּן גֶעגֶעסֶען, אוּנְד אוֹיךְ אַלֶע וָואס
הָאבֶּען זִיךְ צוּ זֵייא אָפְּגֶעשֵׁייט פוּן דֶעם
אוּמְרֵיינֶעם פוּן דִיא גוֹיִם פוּן דֶעם
לַאנְד, כְּדֵי צוּ פָארְשֶׁען יְהֹוָה דֶעם
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל:
22 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען דֶעם
חַג הַמַּצּוֹת זִיבֶּען טֶעג מִיט אַ שִׂמְחָה,
וָוארִין גָאט הָאט זֵייא דֶערפְרֵייט, אוּנְד
עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעקֶעהְרְט דָאס הַארְץ
פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר, כְּדֵי זֵיירֶע
הֶענְד צוּ שְׁטַארְקֶען אִין דִיא מְלָאכָה
פוּן גָאט'ס הויז, דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל:

## קאפיטעל ז

1 אוּנְד נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען, אִין
דֶער רֶעגִירוּנְג פוּן אַרְתַּחְשַׁסְתְּא מֶלֶךְ
פוּן פָּרַס (אִיז גֶעקוּמֶען) עֶזְרָא זוּהְן פוּן
שְׂרָיָה, זוּהְן פוּן עֲזַרְיָה, זוּהְן פוּן
חִלְקִיָּה:
2 זוּהְן פוּן שַׁלּוּם, זוּהְן פוּן צָדוֹק,
זוּהְן פוּן אֲחִיטוּב:
3 זוּהְן פוּן אֲמַרְיָה, זוּהְן פוּן עֲזַרְיָה,
זוּהְן פוּן מְרָיוֹת:
4 זוּהְן פוּן זְרַחְיָה, זוּהְן פוּן עֻזִּי, זוּהְן
פוּן בֻּקִּי:
5 זוּהְן פוּן אֲבִישׁוּעַ, זוּהְן פוּן פִּינְחָס,
זוּהְן פוּן אֶלְעָזָר, זוּהְן פוּן אַהֲרוֹן הַכֹּהֵן
הַגָּדוֹל:
6 דָאס אִיז דֶער עֶזְרָא וָואס אִיז
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן בָּבֶל, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ גֶעשְׁווִינְדֶער סוֹפֵר אִין
תּוֹרַת מֹשֶׁה, וָואס יְהֹוָה דֶער גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ
הָאט צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען זֵיין גַאנְצֶעס
פֶערְלַאנְגֶען, אַזוֹי וִויא דִיא הַאנְד פוּן
יְהֹוָה זֵיין גָאט אִיז אוֹיף אִיהְם גֶע־
וֶועזֶען:
7 אוּנְד עֶס זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
(עֶטְלִיכֶע) פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד פוּן דִיא כּוֹהֲנִים, אוּנְד דִיא לְוִיִּם,
אוּנְד דִיא זִינְגֶערְס, אוּנְד דִיא טוֹיעֶר
הִיטֶערְס, אוּנְד דִיא נְתִינִים נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם, אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען יָאהְר פוּן
אַרְתַּחְשַׁסְתְּא הַמֶּלֶךְ:
8 אוּנְד עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אִין
יְרוּשָׁלַיִם, אִין דֶעם פִינְפְטֶען חוֹדֶשׁ, דָאס
אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס זִיבֶּעטֶע יָאהְר פוּן
דֶעם מֶלֶךְ:
9 וָוארִין אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן
דֶעם עֶרְשְׁטֶען חוֹדֶשׁ, דָאס אִיז גֶע־
וֶועזֶען דֶער אָנְהֵייבּ פוּן דֶעם אַרוֹיפְגֵיין
פוּן בָּבֶל, אוּנְד אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג
פוּן דֶעם פִינְפְטֶען חוֹדֶשׁ אִיז עֶר אָנְ־
גֶעקוּמֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, נָאךְ דֶער
גוּטֶער הַאנְד פוּן זֵיין גָאט אוֹיף
אִיהְם:
10 וָוארִין עֶזְרָא הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט זֵיין
הַארְץ נָאכְצוּפָארְשֶׁען גָאט'ס תּוֹרָה,
אוּנְד צוּ טְהוּן, אוּנְד צוּ בֶּעלֶעהְרֶען
יִשְׂרָאֵל דִיא גֶעזֶעץ אוּנְד דִיא מִשְׁפָּטִים:
11 אוּנְד דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא בֶּע־
שֵׁיידֶענִים פוּן דֶעם בְּרִיף וָואס דֶער
מֶלֶךְ אַרְתַּחְשַׁסְתְּא הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ
עֶזְרָא הַכּוֹהֵן, דֶעם סוֹפֵר, וָואס הָאט
גֶעשְׁרִיבֶּען דִיא וֶוערְטֶער פוּן דִיא מִצְוֹת
פוּן גָאט אוּנְד זֵיינֶע גֶעזֶעץ וֶוענֶען
יִשְׂרָאֵל:

12 אַרְתַּחְשַׁסְתָּא, דֶער מֶלֶךְ אִיבֶּער
מְלָכִים צוּ עֶזְרָא הַכּוֹהֵן דֶעם סוֹפֵר פוּן
דֶער תּוֹרָה פוּן דֶעם גָאט פוּן דֶעם
הִימֶעל, גַאנְצֶען שָׁלוֹם, אִין אַזַא אַ צַייט
(וִויא דָאס אִיז)׃
13 פוּן מִיר אִיז דָאס גֶעבָּאט, אַז
אִיטְלִיכֶער אִין מַיין קֶענִיגְרַייךְ פוּן דֶעם
גַאנְצֶען פָאלְק יִשְׂרָאֵל אוּנְד פוּן דִיא
כּוֹהֲנִים אוּנְד לְוִיִּם וָואס זֶענֶען וִוילִיג
מִיט דִיר אַרוֹיפְצוּגֵיין נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם
זָאלֶען גֵיין׃
14 דֶערְוַוייל דוּא בִּיזְט אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט
גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ אוּנְד זַיינֶע
זִיבֶּען עֵצָה־גֶעבֶּערְס, כְּדֵי אוֹיסְצוּפָארְ־
שֶׁען פוּן וֶועגֶען יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם,
נָאךְ דֶער תּוֹרָה פוּן דַיין גָאט וָואס
אִיז אִין דַיינֶע הַאנְד׃
15 אוּנְד אַרוֹיפְצוּבְּרֶענְגֶען דָאס זִילְבֶּער
אוּנְד דָאס גָאלְד וָואס דֶער מֶלֶךְ אוּנְד
זַיינֶע עֵצָה־גֶעבֶּערְס הָאבֶּען מְנַדֵּב
גֶעוֶועזֶען צוּ דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל,
וָואס זַיינֶע וְואוֹינוּנְג אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם׃
16 אוּנְד (אוֹיךְ) אַלֶעם זִילְבֶּער אוּנְד
גָאלְד וָואס דוּא קֶענְסְט גֶעפִינֶען אִין
אַלֶע מְדִינוֹת פוּן בָּבֶל, מִיט דִיא
נְדָבוֹת פוּן דֶעם פָאלְק אוּנְד פוּן דִיא
כּוֹהֲנִים וָואס זֶענֶען מְנַדֵּב פַאר דֶעם
הוֹיז פוּן זֵייעֶר גָאט אִין יְרוּשָׁלַיִם׃
17 כְּדֵי דוּא זָאלְסְט קֶענֶען גֶעשְׁוִוינְד
קוֹיפֶען פַאר דֶעם דָאזִיגֶען גֶעלְד,
רִינְדֶער, ווִידֶער, שָׁאף, אוּנְד פַאר זֵייעֶרֶע
שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער אוּנְד זֵייעֶרֶע טְרִינְק־אָפְּ־
פֶער, אוּנְד אַז דוּא זָאלְסְט זֵייא מַקְרִיב
זַיין אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן אֵייעֶר גָאט,
וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם׃
18 אוּנְד דָאס וָואס גֶעפֶעלְט דִיר אוּנְד
דַיינֶע בְּרִידֶער גוּט צוּ טְהוּן מִיט דֶעם
אִיבְּרִיגֶען גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער, דָאס
זָאלְסְט דוּא טְהוּן נָאךְ דֶעם ווִילֶען פוּן
אֵייעֶר גָאט׃
19 אוּנְד דִיא כֵּלִים וָואס זֶענֶען צוּ
דִיר גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם דִינְסְט
אִין דֶעם הוֹיז פוּן דַיין גָאט, דִיא
זָאלְסְט דוּא אִיבֶּערְלִיפֶערְן פַאר דֶעם
גָאט פוּן יְרוּשָׁלַיִם׃
20 אוּנְד דָאס וָואס דוּא וֶועסְט נָאךְ
מֶעהְר בְּרוֹיכֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דַיין
גָאט, דָאס דוּא ווִילְסְט דִיר אָנְשַׁאפֶען—
דָאס זָאל דִיר אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען
פוּן דֶעם מֶלֶךְ'ס אוֹצְרוֹת׃
21 אוּנְד אִיךְ—אֲפִילוּ אִיךְ אַרְתַּחְשַׁסְתָּא
הַמֶּלֶךְ,—מַאךְ דָאס גֶעבָּאט צוּ אַלֶע
אוֹצְרוֹת וָואס זֶענֶען אַן דֶער אַנְדֶערֶער
זַייט פוּן דֶעם טַייךְ, דָאס אִיטְלִיכֶע
זַאךְ וָואס עֶזְרָא הַכּוֹהֵן דֶער סוֹפֵר פוּן
דֶער תּוֹרָה פוּן דֶעם גָאט פוּן דֶעם
הִימֶעל, וֶועט פֶערְלַאנְגֶען פוּן אֵייךְ,
דָאס זָאל גֶעשְׁווִינְד גֶעטְהוּן וֶוערֶען׃
22 בִּיז אַ הוּנְדֶערְט צֶענְטְנֶער, זִילְבֶּער,
אוּנְד אַ הוּנְדֶערְט כּוֹר ווַייץ, אוּנְד
הוּנְדֶערְט בַּת ווַיין, אוּנְד הוּנְדֶערְט בַּת
אֵייל, אוּנְד זַאלְץ אָהְן בֶּעשְׁרַייבּוּנְג׃
23 אַלֶעם וָואס אִיז גֶעבָּאטֶען גֶעוָוארֶען
פוּן דֶעם גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל, זָאל
מַאקִי גֶעטְהוּן וֶוערֶען צוּ דֶעם הוֹיז
פוּן דֶעם גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל;
פַארְוָואס זָאל דֶען דֶער צָארְן (פוּן גָאט)
זַיין אִיבֶּער דֶעם מַלְכוּת פוּן דֶעם
מֶלֶךְ אוּנְד אִיבֶּער זַיינֶע זִיהְן?
24 אוּנְד מִיר זֶענֶען אֵייךְ אוֹיךְ מוֹדִיעַ,
דָאס עֶס זָאל נִיט דֶערְלוֹיבְּט זַיין צוּ
נֶעמֶען אָדֶער אוֹיפְצוּלֵייגֶען מַס צוּ אַלֶע
כּוֹהֲנִים, אוּנְד לְוִיִּם, אוּנְד זִינְגֶערְס, אוּנְד
טוֹיעֶר הִיטֶער, אוּנְד נְתִינִים, אָדֶער פוּן

אַנְדֶערֶע מְשָׁרְתִים וָואס דִינֶען אִין
גָאטְ'ס הויז׃
25 אוּנְד דוּא, עֶזְרָא, נָאךְ דֶער חָכְמָה
פוּן דַיין גָאט וָואס אִיז אִין דַיינֶע
הַאנְד זָאלְסְט דוּא אָנְשְׁטֶעלֶען שׁוֹפְטִים
אוּנְד דַיָינִים, וָואס זָאלֶען מִשְׁפְּטְ'ן דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק וָואס אִיז אוֹיף יֶענֶער
זַייט פוּן דֶעם טַייךְ, מִיט אַלֶע וָואס
קֶענֶען דִיא תּוֹרָה פוּן דַיין גָאט, אוּנְד
זָאלְכֶע וָואס קֶענֶען נִיט זָאלְט אִיהְר
זֵייא בֶּעלֶעהְרֶען׃
26 אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט נִיט
וֶועלֶען גֶעשְׁווִינְד טְהוּן דָאס גֶעזֶעץ פוּן
דַיין גָאט אוּנְד דָאס גֶעזֶעץ פוּן דֶעם
מֶלֶךְ, דֶעם זָאל מֶען מִשְׁפָּטְ'ן לוֹיט
דֶעם דִין, עֶנְטְוֶועדֶער צוּם טוֹיט, אָדֶער
אִיהְם אַוֶועקְשִׁיקֶען פוּן דֶעם לַאנְד,
אָדֶער אִיהְם זַיין פֶערְמֶעגֶען אַוֶועקְצוּ־
נֶעמֶען, אָדֶער אִיהְם אִין דִיא תְּפִיסָה
אַיינְזֶעצֶען׃
27 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז יְהוָֹה דֶער גָאט פוּן
אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן, וָואס הָאט אַזָאלְכֶעס
גֶעגֶעבֶּען אִין דֶעם הַארְץ פוּן דֶעם
מֶלֶךְ, צוּ בֶּעשֵׁיינֶען גָאטְ'ס הויז וָואס
אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם׃
28 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיף מִיר גֶענֵייגְט
זַיין חֶסֶד פַאר דֶעם מֶלֶךְ אוּנְד זַיינֶע
עֵצָה־גֶעבֶּערְס, אוּנְד פַאר אַלֶע פֶערְשְׁטֶען
פוּן דֶעם מֶלֶךְ, דִיא גִבּוֹרִים, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ מִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט, אַזוֹי וִויא דִיא
הַאנְד פוּן גָאט אִיז אִיבֶּער מִיר
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ פֶערְזַאמֶעלְט
דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל מִיט מִיר
אַרוֹיפְצוּגֵיין׃

## קאפיטעל ח

1 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן זֵיירֶע אָבוֹת,
אוּנְד זֵייעֶר יִחוּס, וָואס זֶענֶען מִיט מִיר
אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם מַלְכוּת פוּן
אַרְתַּחְשַׁסְתְּא הַמֶּלֶךְ פוּן בָּבֶל׃
2 פוּן דִיא זִיהְן פוּן פִּינְחָס גֵּרְשׁוֹם,
פוּן דִיא זִיהְן פוּן אִיתָמָר דָּנִיֵּאל, פוּן
דִיא זִיהְן פוּן דָּוִד חַטּוּשׁ׃
3 פוּן דִיא זִיהְן פוּן שְׁכַנְיָה, פוּן דִיא
זִיהְן פוּן פַּרְעוֹשׁ זְכַרְיָה, אוּנְד מִיט
אִיהְם נָאךְ זַיין יִחוּס הוּנְדֶערְט אוּנְד
פוּפְצִיג זְכָרִים׃
4 פוּן דִיא זִיהְן פוּן דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר
פוּן מוֹאָב אֶלְיְהוֹעֵינַי זוּהְן פוּן זְרַחְיָה,
אוּנְד מִיט אִיהְם צְווֵייא הוּנְדֶערְט זְכָרִים׃
5 פוּן דִיא זִיהְן פוּן שְׁכַנְיָה זוּהְן פוּן
יַחֲזִיאֵל, אוּנְד מִיט אִיהְם דְרֵייא הוּנְדֶערְט
זְכָרִים׃
6 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן עָדִין עֶבֶד
זוּהְן פוּן יוֹנָתָן, אוּנְד מִיט אִיהְם פוּפְצִיג
זְכָרִים׃
7 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן עֵילָם יְשַׁעְיָה
זוּהְן פוּן עֲתַלְיָה, אוּנְד מִיט אִיהְם
זִיבֶּעצִיג זְכָרִים׃
8 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן שְׁפַטְיָה
זְבַדְיָה זוּהְן פוּן מִיכָאֵל, אוּנְד מִיט
אִיהְם אַכְצִיג זְכָרִים׃
9 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן יוֹאָב עוֹבַדְיָה
זוּהְן פוּן יְחִיאֵל, אוּנְד מִיט אִיהְם צְווֵייא
הוּנְדֶערְט אוּנְד אַכְטְצֶעהְן זְכָרִים׃
10 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן שְׁלוֹמִית
זוּהְן פוּן יוֹסִפְיָה, אוּנְד מִיט אִיהְם
הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעכְצִיג זְכָרִים׃
11 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן בֵּבַי זְכַרְיָה
זוּהְן פוּן בֵּבַי, אוּנְד מִיט אִיהְם אַכְט
אוּנְד צְוַואנְצִיג זְכָרִים׃
12 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן עַזְגָּד יוֹחָנָן
זוּהְן פוּן הַקָּטָן, אוּנְד מִיט אִיהְם
הוּנְדֶערְט אוּנְד צֶעהְן זְכָרִים׃

13 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן אַדוֹנִיקָם
דִיא לֶעצְטֶע, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען זֵייעֶרֶע
נֶעמֶען, אֱלִיפֶלֶט, יְעִיאֵל, אוּנְד שְׁמַעְיָה,
אוּנְד מִיט זֵייא זֶעכְצִיג זְכָרִים׃
14 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן בִּגְוַי, עוּתַי,
אוּנְד זַבּוּד, אוּנְד מִיט זֵייא זִיבֶּעצִיג
זְכָרִים׃
15 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא פֶערְזַאמֶעלְט
צוּ דֶעם טֵייךְ וָואס קוּמְט נָאךְ אַהֲוָא,
אוּנְד מִיר הָאבֶּען דָארְט גֶערוּהְט דְרֵייא
טֶעג, אוּנְד אִיךְ הָאבּ בֶּעטְרַאכְט דָאס
פָאלְק אוּנְד דִיא כּוֹהֲנִים, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ צְווִישֶׁען זֵייא דָארְט נִיט גֶעפוּנֶען
קֵיינֶעם פוּן דִיא בְּנֵי לֵוִי׃
16 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אַהִינְגֶעשִׁיקְט צוּ
אֱלִיעֶזֶר, צוּ אֲרִיאֵל, צוּ שְׁמַעְיָה, אוּנְד
צוּ אֶלְנָתָן, אוּנְד צוּ יָרִיב, אוּנְד צוּ
אֶלְנָתָן, אוּנְד צוּ נָתָן, אוּנְד צוּ זְכַרְיָה,
אוּנְד צוּ מְשׁוּלָּם דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע,
אוּנְד צוּ יוֹיָרִיב אוּנְד צוּ אֶלְנָתָן דִיא
פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע׃
17 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא גֶעבָּאטֶען
וֶועגֶען אִדוֹ דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען אִין דֶעם
אָרְט אִין כָּסִפְיָא, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִין
זֵייעֶר מוֹיל גֶעטְהוּן וֶוערְטֶער צוּ רֶעדֶען
צוּ אִדוֹ זֵיין בְּרוּדֶער, דִיא נְתִינִים אִין
דֶעם אָרְט אִין כָּסִפְיָא, כְּדֵי צוּ אוּנְס
צוּ בְּרֶענְגֶען מְשָׁרְתִים פַאר דֶעם הוֹיז
פוּן אוּנְזֶער גָאט׃
18 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אוּנְס גֶער־
בְּרֶענְגְט נָאךְ דֶער גוּטֶער הַאנְד פוּן
אוּנְזֶער גָאט אִיבֶּער אוּנְס, אַ קְלוּגֶען
מַאן פוּן דִיא זִיהְן פוּן מַחְלִי זוּהְן פוּן
לֵוִי, זוּהְן פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד שֵׁרֵבְיָה
אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן אוּנְד בְּרִידֶער, אַכְט־
צֶעהְן׃
19 אוּנְד דֶעם חֲשַׁבְיָה, אוּנְד מִיט
אִיהְם יְשַׁעְיָה פוּן דִיא זִיהְן פוּן מְרָרִי,
זֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן, צְוַואנְצִיג׃
20 אוּנְד פוּן דִיא נְתִינִים וָואס דָוִד
אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען הָאבֶּען אָנְגֶעשְׁטֶעלְט
צוּ דֶעם דִינְסְט פוּן דִיא לְוִיִּם, צְווֵייא
הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג נְתִינִים, אַלֶע
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען מִיט
זֵייעֶרֶע נֶעמֶען׃
21 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דָארְט אוֹיסְגֶער־
רוּפֶען אַ פַאסְט־טָאג בֵּייא דֶעם טֵייךְ
אַהֲוָא כְּדֵי מֶען זָאל זִיךְ דֶערְמִיטִיגֶען
פַאר אוּנְזֶער גָאט אוּנְד פוּן אִיהְם צוּ
בֶּעטֶען אַ רֶעכְטפַארְטִיגֶען וֶועג פַאר
אוּנְס אוּנְד פַאר אוּנְזֶערֶע קְלֵיינֶע
קִינְדֶער אוּנְד פַאר אוּנְזֶער גַאנְץ פֶערְ־
מֶעגֶען׃
22 וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעשֶׁעמְט
צוּ בֶּעטֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ אַ חַיִל אוּנְד
רֵייטֶער כְּדֵי אוּנְס צוּ הֶעלְפֶען פוּן
דֶעם פֵיינְד אוֹיף דֶעם וֶועג, וָוארִין מִיר
הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ דָאס
דִיא הַאנְד פוּן אוּנְזֶער גָאט אִיז צוּם
גוּטֶען אִיבֶּער אַלֶע וָואס בֶּעטֶען צוּ
אִיהְם, אָבֶּער זֵיינֶע שְׁטַארְקְהַייט אוּנְד
צָארְן אִיז קֶעגֶען אַלֶע וָואס פֶערְלָאזֶען
אִיהְם׃
23 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעפַאסְט, אוּנְד
מִיר הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען פוּן אוּנְזֶער גָאט
וֶועגֶען דֶעם דָאזִיגֶען אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
גֶעלָאזְט פוּן אוּנְס דֶערְבֶּעטֶען׃
24 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אָפְּגֶעשֵׁייט פוּן
דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא כּוֹהֲנִים
צְוֶועלְף, דְהַיְינוּ שֵׁרֵבְיָה, חֲשַׁבְיָה, אוּנְד
מִיט זֵייא צֶעהְן פוּן זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער׃
25 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא אָפְּגֶע־
וָואוֹיגֶען דָאס זִילְבֶּער, אוּנְד דָאס גָאלְד,
אוּנְד דִיא כֵּלִים, אוּנְד דִיא תְּרוּמַת פוּן

אוּנְזֶער גָאטְ'ס הויז, דָאס גֶעשֶׁענְק פוּן
דֶעם מֶלֶךְ אוּנְד פוּן זַיינֶע עֶצָה־גֶעבֶּ־
עֶרְם אוּנְד זַיינֶע פִירְשְׁטֶען, אוּנְד פוּן
גַאנְץ יִשְׂרָאֵל וָואס זֶענֶען גֶעפוּנֶען
גֶעוָוארֶען (אִין בָּבֶל) :
26 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִין זֵיירֶע הֶענְד
אָפְּגֶעוָואוֹיגֶען זֶעקְס הוּנְדֶערְט אוּנְד
פוּפְצִיג צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער, אוּנְד הוּנְ־
דֶערְט זִילְבֶּערְנֶע כֵּלִים, אוּנְד הוּנְדֶערְט
צֶענְטְנֶער גָאלְד :
27 אוּנְד צְוַואנְצִיג גָאלְדֶענֶע בֶּעכֶער,
וֶוערְט אַ טוֹיזֶענְד דַרְכּוֹנִים, אוּנְד צְוֵויא
גוּט גֶעלֵייטֶערְטֶע קוּפֶּערְנֶע כֵּלִים, אַזוֹי
קָאסְטְבַּאר וִויא גָאלְד :
28 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיהְר זֶענְט הֵיילִיג צוּ גָאט, אוּנְד דִיא
כֵּלִים זֶענֶען אוֹיךְ הֵיילִיג, אוּנְד דָאס
גָאלְד אִיז אַ נְדָבָה צוּ יְהוָֹה דֶעם גָאט
פוּן אֵיירֶע עֶלְטֶערְן :
29 הִיט אוּנְד וַואכְט דַארִיבֶּער בִּיז
אִיהְר וֶועט עֶס אָפְּוֶועגֶען פַאר דִיא
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע כּוֹהֲנִים אוּנְד דִיא לְוִיִם,
אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אָבוֹת פוּן
יִשְׂרָאֵל אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דִיא קַאמֶערְן
פוּן גָאטְס הויז :
30 אוּנְד דִיא כּוֹהֲנִים אוּנְד דִיא לְוִיִם
הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶענוּמֶען דָאס אָפְּגֶעוָואוֹי־
גֶענֶע זִילְבֶּער, אוּנְד גָאלְד, אוּנְד דִיא
כֵּלִים, כְּדֵי זֵייא צוּ בְּרֶענְגֶען נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם צוּ דֶעם הויז פוּן אוּנְזֶער גָאט :
31 אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען מִיר אַוֶועקְגֶע־
צוֹיגֶען פוּן דֶעם טֵייךְ אַהֲוָה אִין דֶעם
צְוֶועלְפְטֶען טָאג פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען
חוֹדֶשׁ, כְּדֵי צוּ גֵיין נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
דִיא הַאנְד פוּן אוּנְזֶער גָאט אִיז אִיבֶּער
אוּנְס גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר הָאט אוּנְס
מַצִיל גֶעוֶועזֶען אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן
דֶעם פֵיינְד אוּנְד פוּן דֶעם לוֹיעֶרֶער אוֹיף
דֶעם וֶועג :
32 אוּנְד מִיר זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען אִין
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד מִיר זֶענֶען דָארְטֶען
גֶעזֶעסֶען דְרַייא טֶעג :
33 אוּנְד אִין דֶעם פִיעֶרְטֶען טָאג
הָאבֶּען מִיר אָפְּגֶעוָואוֹיגֶען דָאס זִילְבֶּער
אוּנְד דָאס גָאלְד, אוּנְד דִיא כֵּלִים אִין
דֶעם הויז פוּן אוּנְזֶער גָאט, דוּרְךְ דִיא
הַאנְד פוּן מְרֵמוֹת זוּהְן פוּן אוּרִיָה
הַכּוֹהֵן, אוּנְד מִיט אִיהְם אִיז גֶעוֶועזֶען
אֶלְעָזָר זוּהְן פוּן פִּינְחָס, אוּנְד מִיט זֵייא
יוֹזָבָד זוּהְן פוּן יֵשׁוּעַ, אוּנְד נוֹעַדְיָה
זוּהְן פוּן בִּנּוּי דִיא לְוִיִם :
34 אַלֶעס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶער צָאל
אוּנְד גֶעוִויכְט, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע גֶע־
וִויכְט אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין
דֶערְזֶעלְבִּיגֶער צֵייט :
35 אוּנְד דִיא בְּנֵי הַגּוֹלָה וָואס זֶענֶען
צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן דֶער גֶעפַאנְגֶענְ־
שַׁאפְט, הָאבֶּען מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען עוֹלוֹת
צוּ דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, צְוֶועלְף
אָקְסֶען פַאר גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֶעקְס
אוּנְד נֵיינְצִיג וִוידֶער, אוּנְד זִיבֶּען אוּנְד
זִיבֶּעצִיג שָׁאף, אוּנְד צְוֶועלְף יוּנְגֶע
צִיקֶעלֶעךְ פַאר אַ קָרְבָּן חַטָאת, דָאס
אַלֶעס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ קָרְבָּן עוֹלָה
פַאר יְהֹוָה :
36 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
(אִין דֶעם בְּרִיף) דִיא גֶעזֶעץ פוּן דֶעם
מֶלֶךְ צוּ דִיא הַארֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ,
אוּנְד דִיא גוּבֶּערְנַאטָארְס פוּן דִיזֶער
זַייט פוּן דֶעם טֵייךְ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
דֶערְהוֹיבֶּען דָאס פָאלְק אוּנְד דָאס הויז
פוּן גָאט :

קאפיטעל ט

1 אוּנְד וֶוען דָאס דָאזִיגֶע אִיז

פֶערְלֶענְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ צוּ מִיר גֶענֶעהֶנְט דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס פָאלְק יִשְׂרָאֵל אוּנְד דִיא כּוֹהֲנִים אוּנְד דִיא לְוִיִם הָאבֶּען זִיךְ נִיט אָפְּגֶעשֵׁייט פוּן דִיא פֶעלְקֶער פוּן דִיא לֶענְדֶער, (זַייא טְהוּן) נָאךְ דִיא אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייטֶען פוּן דֶעם כְּנַעֲנִי, דֶעם חִתִּי, דֶעם פְּרִזִּי, דֶעם יְבוּסִי, דֶעם עַמּוֹנִי, דֶעם מוֹאָבִי, דֶעם מִצְרִי, אוּנְד דֶעם אֱמוֹרִי:

2 וָוארִין זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּמֶען פוּן זַיירֶע טֶעכְטֶער פַאר זִיךְ אוּנְד פַאר זַיירֶע זִיהְן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען פֶערְמִישְׁט דֶעם הֵיילִיגֶען זָאמֶען מִיט דִיא פֶעלְקֶער פוּן דִיא לֶענְדֶער, אוּנְד דִיא הַאנְד פוּן דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע, אוּנְד אֲפִילוּ דִיא הַארֶען הָאבֶּען אִין דֶעם דָאזִיגֶען גֶעזִינְדִיגְט פוּן אָנְהֵייבּ אָן:

3 אוּנְד וָוען אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ צוּרִיסֶען מֵיינֶע קְלֵיידֶער אוּנְד מֵיין אוֹיבֶּערְמַאנְטֶעל, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיסְגֶערִיסֶען מֵיינֶע הָאר פוּן מֵיין קָאפּ אוּנְד פוּן מֵיין בָּארְט, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעזֶעסֶען וִויא פֶערְווּיסְט:

4 אוּנְד עֶס הָאבֶּען זִיךְ צוּ מִיר פֶערְזַאמֶעלְט אַלֶע וָואס צִיטֶערְן פַאר דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, וֶועגֶען דֶער זִינְד פוּן דִיא לֵייט פוּן דֶעם גָלוּת, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעזֶעסֶען וִויא פֶערְווּיסְט בִּיז מִנְחָה צֵייט פוּן פַאר נַאכְט:

5 אוּנְד צוּ מִנְחָה צֵייט פַאר נַאכְט בִּין אִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן מֵיין פַאסְטֶען, אוּנְד מִיט מֵיין צוּרִיסֶען קְלֵייד אוּנְד אוֹיבֶּערְמַאנְטֶעל, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַנִידֶערְגֶעקְנִיעֶט אוֹיף מֵיינֶע קְנִיעֶן, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט מֵיינֶע הֶענְד צוּ יְהֹוָה מֵיין גָאט:

6 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אוֹי מֵיין גָאט! אִיךְ שֶׁעם מִיךְ אוּנְד בִּין מְבוּיָשׁ אוּנְד פֶערְשֶׁעהְמְט צוּ דִיר מֵיין פָּנִים אוֹיפְצוּהֵייבֶּען, אוֹי מֵיין גָאט, וָוארִין אוּנְזֶערֶע זִינְד זֶענֶען פִיל הֶעכֶער פוּן אוּנְזֶערְן קָאפּ, אוּנְד אוּנְזֶערֶע שׁוּלְד אִיז גְרֶעסֶער וִויא בִּיז צוּ דֶעם הִימֶעל:

7 פוּן דִיא טֶעג פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן אָן בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג זֶענֶען מִיר אִין אַ גְרוֹיסֶע שׁוּלְד, אוּנְד פוּן וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע זִינְד זֶענֶען מִיר, אוּנְזֶערֶע מְלָכִים אוּנְד אוּנְזֶערֶע כּוֹהֲנִים אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן דִיא לֶענְדֶער, (אוּנְד מִיר זֶענֶען גֶעפַאלֶען) דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד דוּרְךְ גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט, אוּנְד דוּרְךְ פֶערְאַכְטוּנְג, אוּנְד מִיר זֶענֶען מִיט אַ בּוּשֶׁת פָּנִים נָאךְ בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג:

8 אוּנְד אַצוּנְד אִיז פַאר אוּנְס אִין אֵיינֶע רֶגַע דֶערְבַּארְמוּנְג גֶעוֶועזֶען פוּן יְהֹוָה אוּנְזֶער גָאט, אַז עֶר הָאט צוּ אוּנְס אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אֵיינֶע עֶנְטְרִינוּנְג, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אוּנְס גֶעגֶעבֶּען אַ נָאגֶעל אִין זַיין הֵיילִיגֶען אָרְט, כְּדֵי אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען צוּ דֶערְלֵייכְטֶען, אוֹי אוּנְזֶער גָאט, אוּנְד אוּנְס צוּ גֶעבֶּען אַ בִּיסֶעל דֶערְקְוִויקוּנְג אִין אוּנְזֶערֶע אַרְבֵּייט:

9 וָוארִין מִיר זֶענֶען דָאךְ נָאר קְנֶעכְט, אוּנְד אֲפִילוּ אִין אוּנְזֶערְן דִינְסְט הָאט אוּנְס אוּנְזֶער גָאט אוֹיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען, גֵייעֶרְט עֶר הָאט צוּ אוּנְס צוּגֶענֵייגְט חֶסֶד פַאר דִיא מְלָכִים פוּן פָּרַס, כְּדֵי צוּ אוּנְס צוּ גֶעבֶּען אַ דֶערְנֶעהְרוּנְג,

אוּנְד צוּ דֶערְהֵייבֶּען דָאס הוֹיז פוּן אוּנְזֶער גָאט, אוּנְד ווידֶער אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען זַיינֶע חוּרְבוֹת, אוּנְד אוּנְס צוּ גֶעבֶּען אַ צוֹים אִין יְהוּדָה אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם׃

10 אוּנְד אַצוּנְד, וָואס זָאלֶען מִיר נָאךְ זָאגֶען, אוֹי אוּנְזֶער גָאט, נָאךְ דֶעם דָאזִיגֶען? וָוארִין מִיר הָאבֶּען פֶערְלָאזֶען דֵיינֶע מִצְוֹת׃

11 וָואס דוּא הָאסְט גֶעבָּאטֶען דוּרְךְ דֵיינֶע קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דָאס לַאנְד וָואס אִיהְר קוּמְט אַהִין צוּ יַרְשְׁנְ'ן אִיז אַיין אוּמְרֵיינֶעס לַאנְד, דוּרְךְ דִיא אוּמְרֵיינְקֵייט פוּן דִיא פֶעלְקֶער פוּן דִיא לֶענְדֶער, פוּן וֶועגֶען דִיא אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייטֶען מִיט וָואס זֵייא הָאבֶּען עֶס פוּל גֶעמַאכְט פוּן אֵיינֶער זַייט בִּיז צוּ דֶער אַנְדֶערֶער זַייט דוּרְךְ זֵייעֶרֶע אוּמְרֵיינִיגְקֵייטֶען׃

12 אוּנְד אַצוּנְד זָאלְט אִיהְר נִיט (מֶעהְר) גֶעבֶּען אֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער צוּ זֵייעֶרֶע זִיהְן, אוּנְד זֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער זָאלְט אִיהְר נִיט נֶעמֶען פַאר אֵייעֶרֶע זִיהְן, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ נִיט נָאכְפְרֶעגֶען נָאךְ זֵייעֶר שָׁלוֹם אוּנְד זֵייעֶר גוּטֶעס בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט אֵייךְ שְׁטַארְק מַאכֶען, אוּנְד עֶסֶען דָאס גוּטֶע פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד אַז אֵייעֶרֶע קִינְדֶער זָאלֶען עֶס יַרְשְׁנְ'ן אוֹיף אֵייבִּיג׃

13 אוּנְד נָאךְ דֶעם אַלֶעם וָואס אִיז אִיבֶּער אוּנְס גֶעקוּמֶען דוּרְךְ אוּנְזֶערֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע גְרוֹיסֶע שׁוּלְד, וָוארִין דוּא אוּנְזֶער גָאט, הָאסְט דָאךְ פֶערְמִיטֶען נָאךְ דֶעם מָאס פוּן אוּנְזֶערֶע זִינְד, אוּנְד דוּא הָאסְט אוּנְס גֶעגֶעבֶּען אֵיינֶע עֶנְטְרִינוּנְג אַזוֹי וִויא דִיא דָאזִיגֶע׃ —

14 זָאלֶען מִיר נָאכְאַמָאל דֵיינֶע מִצְוֹת פֶערְשְׁטֶערֶען? אוּנְד אוּנְס מְחַתֵּן זַיין מִיט דִיא דָאזִיגֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע פֶעלְקֶער? וֶועסְט דוּא דֶען נִיט אִיבֶּער אוּנְס צָארְנֶען בִּיז מִיר וֶועלֶען אִים גַאנְצֶען פֶערְלֶענְט זַיין, דָאס עֶס זָאל נִיט מֶעהְר זַיין אֵיינֶע אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג אָדֶער אֵיינֶע עֶנְטְרִינוּנְג?

15 אוֹי יְהוָֹה, גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל! דוּא בִּיזְט גֶערֶעכְט, וָוארִין מִיר זֶענֶען נָאר אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אֵיינֶע עֶנְטְרִינוּנְג אַזוֹי וִויא עֶס אִיז דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג, אוּנְד זֶעה, מִיר זֶענֶען פַאר דִיר מִיט אוּנְזֶערֶע שׁוּלְד, וָוארִין קֵיינֶער קֶען נִיט בֶּעשְׁטֵיין פַאר דִיר וֶועגֶען דֶעם דָאזִיגֶען׃

## קאפיטעל י

1 אוּנְד וָוען עֶזְרָא הָאט אַזוֹי גֶעבֶּעטֶען אוּנְד הָאט מִתְוַדֶה גֶעוֶועזֶען, הָאט עֶר גֶעוֵויינְט אוּנְד אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען פַאר גָאט'ס הוֹיז, אוּנְד עֶס הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם פֶערְזַאמֶעלְט פוּן יִשְׂרָאֵל, אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶעס קָהָל, מֶענֶער, אוּנְד וַוייבֶּער אוּנְד קִינְדֶער, וָוארִין דָאס פָאלְק הָאט גֶעוֵויינְט מִיט אַ שְׁטַארְק גֶעוֵויין׃

2 אַזוֹי הָאט שְׁכַנְיָה זוּהְן פוּן יְחִיאֵל, פוּן דִיא זִיהְן פוּן עֵילָם גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד גֶעזָאגְט צוּ עֶזְרָא, מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען אוּנְזֶער גָאט וַוייל מִיר הָאבֶּען גֶעוואוֹינְט מִיט פְרֶעמְדֶע וַוייבֶּער פוּן דִיא פֶעלְקֶער פוּן דֶעם לַאנְד, אָבֶּער אַצוּנְד אִיז נָאךְ פֶערְהַאנְדֶען אַ הָאפְנוּנְג צוּ יִשְׂרָאֵל וֶועגֶען דֶער דָאזִיגֶער זַאךְ׃

3 לָאמֶער אַצוּנְד כּוֹרֵת בְּרִית זַיין

מִיט אוּנזֶער גָאט, אַװעקצוּטְהוּן אַלֶע
פְרֶעמְדֶע װייבֶּער, אוּנְד אוֹיךְ דִיא
קִינְדֶער װָאס זֶענֶען פוּן זֵייא גֶעבּוֹירֶען
גֶעוָואָרֶען, נָאךְ דֶער עֵצָה פוּן מֵיין
גָאט, אוּנְד פוּן דִיא װָאס צִיטֶערְן פַאר
דִיא מִצְוֹת פוּן אוּנזֶער גָאט, אוּנְד נָאךְ
דֶער תּוֹרָה זָאל עֶס גֶעטְהוּן װֶערֶען׃
4 שְׁטֵייא אוֹיף, װָארִין דִיא זַאךְ אִיז
צוּ דִיר, אוּנְד מִיר זֶענֶען מִיט דִיר,
זֵייא שְׁטַארְק אוּנְד טְהוּא עֶס!
5 אַזוֹי אִיז עֶזְרָא אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
עֶר הָאט בֶּעשְׁװאוֹירֶען דִיא אוֹיבֶּערְ־
שְׁטֶע פוּן דִיא כּוֹהֲנִים, דִיא לְוִיִם, אוּנְד
גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, כְּדֵי צוּ טְהוּן נָאךְ דֶעם
דָאזִיגֶען װָארְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעשְׁװאוֹירֶען׃
6 אוּנְד עֶזְרָא אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן
פַאר גָאט'ס הוֹיז אוּנְד עֶר אִיז אַרֵיינְ־
גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער קַאמֶער פוּן יְהוֹחָנָן
זוּהְן פוּן אֶלְיָשִׁיב, אוּנְד װֶען עֶר אִיז
דָארְט אַהִינְגֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר נִיט
קֵיין בְּרוֹיט גֶעגֶעסֶען אוּנְד קֵיין װַאסֶער
גֶעטְרוּנְקֶען, װָארִין עֶר הָאט גֶעטְרוֹיעֶר־
עֶרְט װֶעגֶען דֶער זִינְד פוּן דִיא װָאס
זֶענֶען גֶעװֶעזֶען אַװֶעקְגֶעפִיהְרְט׃
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעלָאזְט אוֹיסְ־
רוּפֶען אִין יְהוּדָה אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם
צוּ אַלֶע װָאס זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן
גָלוּת, אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְן
נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם׃
8 אוּנְד אִיטְלִיכֶער װָאס װֶעט נִיט
קוּמֶען אִין דְרֵייא טֶעג נָאךְ דֶער עֵצָה
פוּן דִיא פִירְשְׁטֶען אוּנְד דִיא זְקֵנִים,
זַיין גַאנְץ פֶערְמֶעגֶען זָאל אִין חֵרֶם
גֶעלֵייגְט װֶערֶען, אוּנְד עֶר אַלֵיין זָאל
אָפְּגֶעשֵׁייט װֶערֶען פוּן דֶעם קָהָל פוּן
דִיא װָאס זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן
גָלוּת׃
9 אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע מֶענֶער פוּן
יְהוּדָה אוּנְד בִּנְיָמִין פֶערְזַאמֶעלְט נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם אִין דְרֵייא טֶעג, דָאס אִיז
גֶעװֶעזֶען אַן דֶעם צְװַאנְצִיגְסְטֶען טָאג
פוּן דֶעם נֵיינְטֶען חֹדֶשׁ, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶער
גַאס פוּן גָאט'ס הוֹיז, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעצִיטֶערְט װֶעגֶען דִיזֶער זַאךְ אוּנְד פוּן
װֶעגֶען דֶעם רֶעגֶען׃
10 אוּנְד עֶזְרָא הַכּוֹהֵן אִיז אוֹיפְ־
גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, אִיהְר הָאט גֶעזִינְדִיגְט װֵייל
אִיהְר הָאט גֶעװָאוֹינְט מִיט פְרֶעמְדֶע
װייבֶּער, כְּדֵי דֶערְמִיט צוּ פֶערְמֶעהְרֶען
דִיא שׁוּלְד פוּן יִשְׂרָאֵל׃
11 אוּנְד אַצוּנְד זֵייט מְתוַדֶּה צוּ יְהוָֹה
דֶעם גָאט פוּן אֵיירֶע פֶּעטֶער, אוּנְד
טְהוּט זַיין װִילֶען אוּנְד שֵׁייט אֵייךְ אָפּ
פוּן דִיא פֶעלְקֶער פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד
פוּן דִיא פְרֶעמְדֶע װייבֶּער׃
12 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע קָהָל הָאט גֶע־
עֶנְטְפֶערְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט
מִיט אַ גְרוֹיס קוֹל, יוֹא! אַזוֹי װִיא דוּא
הָאסְט גֶערֶעט אַזוֹי מוּזֶען מִיר טְהוּן׃
13 אָבֶּער דָאס פָאלְק זֶענֶען פִיל,
אוּנְד עֶס אִיז אַ רֶעגֶען־צֵייט, אוּנְד
מִיר הָאבֶּען קֵיין כּוֹחַ דְרוֹיסֶען צוּ
שְׁטֵיין, אוּנְד דָאס אִיז נִיט אֵיינֶע אַרְ־
בֵּייט פַאר אֵיין טָאג, אוֹיךְ נִיט פַאר
צְװייא, װָארִין מִיר זֶענֶען פִיל װָאס
הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט אִין דֶער דָאזִיגֶער
זַאךְ׃
14 לָאזֶען דָאךְ אוּנְזֶערֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע
פוּן דֶעם גַאנְצֶען קָהָל שְׁטֵיין, אוּנְד
לָאזֶען אַלֶע װָאס הָאבֶּען גֶעװָאוֹינְט
מִיט פְרֶעמְדֶע װייבֶּער קוּמֶען אִין דִיא

בֶּעשְׁטִימְטֶע צַייטֶען, אוּנְד מִיט זֵייא
דִיא עֶלְצְטֶע פוּן אִיטְלִיכֶער שְׁטָאט,
אוּנְד אִיהְרֶע שׁוֹפְטִים, בִּיז עֶס וֶועט
זִיךְ פוּן אוּנְס צוּרִיקְקֶעהְרֶען דֶער גְרִימְ־
צָארְן פוּן אוּנְזֶער גָאט וֶועגֶען דֶער
דָאזִיגֶער זַאךְ׃
15 בְּלוֹיס יוֹנָתָן זוּהְן פוּן עֲשָׂהאֵל,
אוּנְד יַחְזְיָה זוּהְן פוּן תִּקְוָה הָאבֶּען זִיךְ
וֶועגֶען דֶער זַאךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט, אָבֶּער
מְשׁוּלָּם אוּנְד שַׁבְּתַי הַלֵּוִי הָאבֶּען זֵייא
גֶעהָאלְפֶען׃
16 אוּנְד דִיא בְּנֵי הַגּוֹלָה הָאבֶּען אַזוֹי
גֶעטְהוּן; אוּנְד עֶזְרָא הַכֹּהֵן אוּנְד גֶע־
וִויסֶע מֶענֶער פוּן דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת,
נָאךְ זֵייעֶר פֶּעטֶערְלִיכֶען הוֹיז, אוּנְד
אַלֶע אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּענֶע מִיט דִיא נֶעמֶען
הָאבֶּען זִיךְ אָפְּגֶעשֵׁייט, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג
פוּן דֶעם צֶעהְנְטֶען חוֹדֶשׁ, אַז זֵייא
זָאלֶען נָאכְפָּארְשֶׁען דִיא זַאךְ׃
17 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְלֶענְט מִיט
אַלֶע מֶענֶער וָואס הָאבֶּען גֶעוָואוֹינְט מִיט
פְרֶעמְדֶע וַוייבֶּער בִּיז צוּ דֶעם עֶרְשְׁטֶען
טָאג פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען חוֹדֶשׁ׃
18 אוּנְד צְוִוישֶׁען דִיא זִיהְן פוּן דִיא
כּוֹהֲנִים זֶענֶען גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען
מֶענֶער וָואס הָאבֶּען גֶעוָואוֹינְט מִיט
פְרֶעמְדֶע וַוייבֶּער, דְהַיינוּ, פוּן דִיא
זִיהְן פוּן יֵשׁוּעַ זוּהְן פוּן יוֹצָדָק
אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער, מַעֲשֵׂיָה, אוּנְד
אֱלִיעֶזֶר, אוּנְד יָרִיב, אוּנְד גְדַלְיָה׃
19 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען זֵיירֶע
הֶענְד אַז זֵייא וֶועלֶען אַוֶועקְטְהוּן זֵיירֶע
וַוייבֶּער, אוּנְד ווייל זֵייא זֶענֶען שׁוּלְדִיג
גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען זֵייא מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען
אַ וִוידֶער פַאר זֵיירֶע שׁוּלְד׃
20 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן אִמֵּר,
חֲנָנִי אוּנְד זְבַדְיָה׃
21 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן חָרִים,
מַעֲשֵׂיָה, אוּנְד אֵלִיָּה, אוּנְד שְׁמַעְיָה,
אוּנְד יְחִיאֵל, אוּנְד עֻזִּיָּה׃
22 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן פַּשְׁחוּר,
אֶלְיוֹעֵנַי, מַעֲשֵׂיָה, יִשְׁמָעֵאל, נְתַנְאֵל,
יוֹזָבָד, אוּנְד אֶלְעָשָׂה׃
23 אוּנְד פוּן דִיא לְוִיִּם, יוֹזָבָד אוּנְד
שִׁמְעִי, אוּנְד קֵלָיָה דָאס אִיז קְלִיטָה,
פְּתַחְיָה, יְהוּדָה אוּנְד אֱלִיעֶזֶר׃
24 אוּנְד פוּן דִיא זִינְגֶערְס, אֶלְיָשִׁיב,
אוּנְד פוּן דִיא טוֹיעֶר־הִיטֶער, שַׁלֻּם,
אוּנְד טֶלֶם, אוּנְד אוּרִי׃
25 אוּנְד פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּן דִיא זִיהְן
פוּן פַּרְעוֹשׁ, רַמְיָה אוּנְד יִזִּיָּה, אוּנְד
מַלְכִּיָּה, אוּנְד מִיָּמִן, אוּנְד אֶלְעָזָר,
אוּנְד מַלְכִּיָּה, אוּנְד בְּנָיָה׃
26 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן עֵילָם,
מַתַּנְיָה, זְכַרְיָה אוּנְד יְחִיאֵל, אוּנְד עַבְדִּי,
אוּנְד יְרֵמוֹת, אוּנְד אֵלִיָּה׃
27 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן זַתּוּא,
אֶלְיוֹעֵנַי, אֶלְיָשִׁיב, מַתַּנְיָה, אוּנְד יְרֵמוֹת,
אוּנְד זָבָד, אוּנְד עֲזִיזָא׃
28 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן בֵּבָי,
יְהוֹחָנָן, חֲנַנְיָה, זַבַּי אוּנְד עַתְלָי׃
29 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן בָּנִי,
מְשֻׁלָּם, מַלּוּךְ, אוּנְד עֲדָיָה, יָשׁוּב,
אוּנְד שְׁאָל אוּנְד יְרָמוֹת׃
30 אוּנְד פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן פַּחַת־
מוֹאָב, עַדְנָא אוּנְד כְּלָל, בְּנָיָה, מַעֲשֵׂיָה,
מַתַּנְיָה, בְּצַלְאֵל, אוּנְד בִּנּוּי, אוּנְד
מְנַשֶּׁה׃
31 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן חָרִם,
אֱלִיעֶזֶר, יִשִּׁיָּה, מַלְכִּיָּה, שְׁמַעְיָה, אוּנְד
שִׁמְעוֹן׃
32 בִּנְיָמִן, מַלּוּךְ, שְׁמַרְיָה׃
33 פוּן דִיא זִיהְן חָשֻׁם, מַתְּנַי,

מַתַּתָּה, זָבָד, אֱלִיפֶלֶט, יְרֵמַי, מְנַשֶּׁה
אוּנְד שִׁמְעִי׃
34 פוּן דִיא זִיהֶן פוּן בָּנִי, מַעֲדַי,
עַמְרָם אוּנְד אוּאֵל׃
35 בְּנָיָה, בֵּדְיָה, אוּנְד כְּלוּהוּ׃
36 וַנְיָה, מְרֵמוֹת אוּנְד אֶלְיָשִׁיב׃
37 מַתַּנְיָה, מַתְּנַי אוּנְד יַעֲשָׂי׃
38 אוּנְד בָּנִי, אוּנְד בִּנּוּי, אוּנְד
שִׁמְעִי׃
39 אוּנְד שֶׁלֶמְיָה, אוּנְד נָתָן, אוּנְד
עֲדָיָה׃
40 מַכְנַדְבַי, שָׁשַׁי אוּנְד שָׁרָי׃
41 עֲזַרְאֵל, אוּנְד שֶׁלֶמְיָהוּ, אוּנְד
שְׁמַרְיָה׃
42 שַׁלּוּם, אֲמַרְיָה אוּנְד יוֹסֵף׃
43 פוּן דִיא זִיהֶן פוּן נְבוֹ, יְעִיאֵל,
מַתִּתְיָה, זָבָד, זְבִינָא, יַדַּי, אוּנְד יוֹאֵל
אוּנְד בְּנָיָה׃
44 אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע הָאבֶּען גֶענוּמֶען
פְרֶעמְדֶע וַוייבֶּער, אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן
זֵייא הָאבֶּען מִיט דִיא וַוייבֶּער אוֹיךְ
גֶעהַאט קִינְדֶער׃

חזק

# נחמיה

## קאפיטעל א

1 דִיא וֶוערְטֶער פוּן נְחֶמְיָה זוּהְן פוּן
חֲכַלְיָה, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין
דֶעם חוֹדֶשׁ כִּסְלֵו, אִין דֶעם צְוַואנְצִיגְסְ־
טֶען יָאהְר, וֶוען אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אִין
דֶער הוֹיפְּט־שְׁטָאט שׁוּשַׁן׃
2 וֶוען חֲנָנִי, אֵיינֶער פוּן מֵיינֶע בְּרִידֶער,
אִיז גֶעקוּמֶען, עֶר אוּנְד גֶעווִיסֶע לֵייט
פוּן יְהוּדָה, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶע־
פְרֶעגְט פוּן וֶועגֶען דִיא עֶנְטְרוּנֶענֶע
יְהוּדִים, וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען
פוּן דֶער גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט, אוּנְד פוּן
וֶועגֶען יְרוּשָׁלַיִם׃
3 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
דִיא אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג וָואס זֶענֶען דָארְ־
טֶען אִין דֶער מְדִינָה אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען
פוּן דֶער גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט זֶענֶען אִין אַ
גְרוֹיסֶע צָרָה אוּנְד חֶרְפָּה, אוֹיךְ אִיז
דִיא מוֹיעֶר פוּן יְרוּשָׁלַיִם אָפְּגֶעבְּרָאכֶען,
אוּנְד דִיא טוֹיעֶרֶן דֶערְפוּן זֶענֶען פֶערְ־
בְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר׃
4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען אִיךְ
הָאבּ גֶעהֶערְט דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער,
אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט
אוּנְד הָאבּ גֶעוֵויינְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
גֶעטְרוֹיעֶרְט עֶטְלִיכֶע טֶעג, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ גֶעפַאסְט אוּנְד גֶעבֶּעטֶען פַאר
דֶעם גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל׃
5 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט
דִיךְ, אוֹי יְהֹוָה, דוּא גָאט פוּן דֶעם
הִימֶעל, דוּא גְרוֹיסֶער אוּנְד פָארְכְטֶערְ־
לִיכֶער גָאט, דֶער וָואס הַאלְט דֶעם
בְּרִית אוּנְד טְהוּט חֶסֶד צוּ דִיא וָואס
לִיבֶּען אִיהֶם, אוּנְד הִיטֶען זֵיינֶע מִצְוֹת׃

6 לָאז דָאךְ אַצוּנְד דֵיין אוֹיעֶר פֶערְ־
גֶעמֶען, אוּנְד לָאזֶען דֵיינֶע אוֹיגֶען זַיין
אָפֶען צוּ הֶערֶען דָאס גֶעבֶּעט פוּן דֵיין
קְנֶעכְט, וָואס אִיךְ טְהוּא פַאר דִיר
הַיינְט בֶּעטֶען, טָאג אוּנְד נַאכְט, פוּן
וָועגֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, דֵיינֶע
קְנֶעכְט, אוּנְד אִיךְ בִּין מִתְוַדֶה דִיא
זִינְד פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, וָואס מִיר
הָאבֶּען קֶעגֶען דִיר גֶעזִינְדִיגְט; וָוארִין
אִיךְ אוּנְד מֵיין פָאטֶערְס הויזְגֶעזִינְד
הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט:
7 מִיר הָאבֶּען אוּנְס קֶעגֶען דִיר אִים
גַאנְצֶען פֶערְדָארְבֶּען, אוּנְד מִיר הָאבֶּען
נִיט גֶעהִיט דִיא מִצְוֹת אוּנְד דִיא חוּקִים
אוּנְד דִיא מִשְׁפָּטִים וָואס דוּא
הָאסְט גֶעבָּאטֶען צוּ דֵיין קְנֶעכְט מֹשֶׁה:
8 גֶעדֶענְק דָאךְ, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, דָאס
וָוארְט וָואס דוּא הָאסְט גֶעבָּאטֶען צוּ
דֵיין קְנֶעכְט מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וָוען
אִיהְר וָועט זִינְדִיגֶען, אַזוֹי וָועל אִיךְ
אֵייךְ פֶערשְׁפְּרֵייטֶען צְווִישֶׁען דִיא פֶעלְ־
קֶער:
9 אָבֶּער וָוען אִיהְר וָועט אֵייךְ צוּ
מִיר אוּמְקֶעהְרֶען, אוּנְד אִיהְר וָועט
הִיטֶען מֵיינֶע מִצְוֹת אוּנְד אִיהְר וָועט
זֵייא טְהוּן, אוּנְד חָאטְשֶׁע אִיהְר וָועט
זַיין פֶערשְׁטוֹיסֶען בִּיז צוּ דֶעם עֶק פוּן
דֶעם הִימֶעל אַפִילוּ פוּן דָארְטֶען וָועל
אִיךְ אֵייךְ פֶערְזַאמֶעלְן, אוּנְד אִיךְ וָועל
אֵייךְ בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם אָרְט וָואס אִיךְ
הָאבּ אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְט אַז מֵיין נָאמֶען זָאל
דָארְטֶען רוּהֶען:
10 אוּנְד זֵייא זֶענֶען דָאךְ דֵיינֶע
קְנֶעכְט, אוּנְד דֵיין פָאלְק וָואס דוּא
הָאסְט אוֹיסְגֶעלֵייזְט מִיט דֵיין גְרוֹיסֶען
כּוֹחַ, אוּנְד מִיט דֵיינֶע שְׁטַארְקֶע הַאנְד:
11 אוֹי הַאר! אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לָאז
דָאךְ דֵיין אוֹיעֶר פֶערְנֶעמֶען דָאס גֶע־
בֶּעט פוּן דֵיין קְנֶעכְט, אוּנְד צוּ דֶעם
גֶעבֶּעט פוּן דֵיינֶע קְנֶעכְט וָואס פֶערְ־
לַאנְגֶען צוּ פָארְכְטֶען דֵיין נָאמֶען, אוּנְד
זַייא מַצְלִיחַ דֵיין קְנֶעכְט הַיינְט, אוּנְד
גִיבּ אִיהְם בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט פַאר דֶעם
דָאזִיגֶען מַאן—וָוארִין אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען
דֶער שַׂר הַמַשְׁקִים צוּ דֶעם מֶלֶךְ:

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
חוֹדֶשׁ נִיסָן, אִין דֶעם צְוַואנְצִיגְסְטֶען
יָאהְר פוּן אַרְתַּחְשַׁסְתְּא הַמֶּלֶךְ, וָוען
וויין אִיז פַאר אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם וויין
אוּנְד הָאבּ עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם מֶלֶךְ,
אוּנְד אִיךְ בִּין קֵיינְמָאל נִיט פְרִיהֶער
טְרוֹירִיג גֶעוֶועזֶען פַאר אִיהְם:
2 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ מִיר גֶע־
זָאגְט, פַארְוָואס זֶעהְט דֵיין פָּנִים אַזוֹי
שְׁלֶעכְט אוֹיס, (אִיךְ זֶעה אַז) דוּא בִּיזְט
נִיט קְרַאנְק? דָאס אִיז נִיט אַנְדֶערְשְׁט
גֵייעֶרְט דוּא הָאסְט אַ בֶּעטְרִיבְּט הַארְץ—
אַזוֹי הָאבּ אִיךְ שְׁטַארְק מוֹרָא בֶּע־
קוּמֶען:
3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מֶלֶךְ, לָאז דֶער מֶלֶךְ לֶעבֶּען אוֹיף
אֵייבִּיג! פַארְוָואס זָאל נִיט מֵיין פָּנִים
טְרוֹירִיג זַיין וָוען דִיא שְׁטָאט פוּן דִיא
קְבָרִים פוּן מֵיינֶע אָבוֹת אִיז חָרוּב
אוּנְד דִיא טוֹיעֶרְן דֶערְפוּן זֶענֶען פֶער־
בְּרֶענְט אִין דֶעם פֵייעֶר:
4 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ מִיר גֶע־
זָאגְט, פוּן וָועגֶען וָואס בֶּעטֶסְט דוּא
דֶען? אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעבֶּעטֶען צוּ
דֶעם גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל:
5 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מֶלֶךְ, וָוען עֶס דֶעם מֶלֶךְ גֶעפֶעלְט,

אוּנְד װֶען דֵיין קְנֶעכְט הָאט גֶעפוּנֶען
חֵן פַאר דִיר, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא מִיךְ
שִׁיקֶען נָאךְ (דֶעם לַאנְד) יְהוּדָה, צוּ
דֶער שְׁטָאט פוּן דִיא קְבָרִים פוּן מֵיינֶע
אָבוֹת אַז אִיךְ זָאל זִיא װִידֶער אוֹיפְ־
בּוֹיעֶן׃
6 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ מִיר גֶע־
זָאגְט–אוּנְד דִיא מַלְכָּה אִיז נֶעבֶּען
אִיהְם גֶעזֶעסֶען–בִּיז װִיא לַאנְג װֶעט
דֵיין גַאנְג גֶעדױעֶרְן? אוּנְד װֶען װֶעסְט
דוּא צוּרִיקְקוּמֶען? אוּנְד דִיא זַאךְ הָאט
דֶעם מֶלֶךְ װאוֹילְגֶעפָאלֶען מִיךְ צוּ
שִׁיקֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען
אַ צַייט׃
7 אוּנְד אִיךְ הָאבּ (װַייטֶער) גֶעזָאגְט
צוּם מֶלֶךְ, װֶען עֶס גֶעפֶעלְט דֶעם מֶלֶךְ
אַזוֹי לָאז מִיר גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען בְּרִיף
צוּ דִיא הַארֶען פוּן דֶער אַנְדֶערֶע זַייט
פוּן דֶעם טַייךְ, אַז מֶען זָאל מִיךְ
אַרִיבֶּערְפִיהְרֶען בִּיז אִיךְ װֶעל אָנְקוּמֶען
צוּ דֶעם לַאנְד יְהוּדָה׃
8 אוּנְד אַ בְּרִיף צוּ אָסָף דֶער הִיטֶער
פוּן דֶעם מֶלֶךְ'ס װַאלְד, אַז מֶען זָאל
מִיר גֶעבֶּען הָאלְץ פַאר בַּאלְקֶענְ'ס צוּ
דִיא טוֹיעֶרְן פוּן דֶער הוֹיפְּטְשְׁטָאט,
אוּנְד פַאר דֶעם הױז, אוּנְד צוּ דִיא
מוֹיעֶרְן פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד צוּ דֶעם
הױז װאוּ אִיךְ װֶעל אַרַיינְקוּמֶען, אוּנְד
דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ מִיר גֶעגֶעבֶּען נָאךְ
דֶער גוּטֶער הַאנְד פוּן מֵיין גָאט װָאס
אִיז אוֹיף מִיר גֶעװֶעזֶען׃
9 אוּנְד אִיךְ בִּין אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דִיא
גוּבֶּערְנַאטָארְס אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער
זַייט פוּן דֶעם טַייךְ, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
צוּ זַייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִיא בְּרִיף פוּן
דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט מִיט
מִיר גֶעשִׁיקְט אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם
חַיִל אוּנְד רַייטֶער׃
10 אוּנְד װֶען סַנְבַלַּט דֶער חוֹרוֹנִי, אוּנְד
טוֹבִיָה דֶער קְנֶעכְט פוּן דִיא עֲמוֹנִי
הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט, אַזוֹי אִיז עֶס זַייא
װֶעהְר אִיבֶּעל גֶעפַאלֶען, אַז אַ מֶענְשׁ
אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זוּכֶען דָאס גוּטֶע פוּן
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃
11 אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אִיךְ בִּין דָארְטֶען גֶע־
װֶעזֶען דְרַייא טֶעג׃
12 אוּנְד אִיךְ בִּין אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען בֶּייא
נַאכְט, אִיךְ אוּנְד עֶטְלִיכֶע מֶענֶער מִיט
מִיר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ קֵיין מֶענְשׁ
נִיט גֶעזָאגְט װָאס גָאט הָאט מִיר גֶע־
גֶעבֶּען אִין מֵיין הַארְץ צוּ טְהוּן אִין
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אַפִילוּ קֵיין בְּהֵמָה
אִיז נִיט מִיט מִיר גֶעװֶעזֶען, נֵייעֶרְט נָאר
דִיא בְּהֵמָה װָאס אִיךְ הָאבּ דְרוֹיף
גֶערִיטֶען׃
13 אוּנְד אִיךְ בִּין אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
דוּרְךְ דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם טָאל בֶּייא
נַאכְט, אוּנְד פַאר דֶעם עֵין הַתַּנִין,
אוּנְד צוּ דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם מִיסְט־
הױפֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גוּט בֶּעטְרַאכְט
דִיא מוֹיעֶרְן פוּן יְרוּשָׁלַיִם, װָאס זֶענֶען
צוּבְּרָאכֶען גֶעװֶעזֶען, אוּנְד דִיא טוֹיעֶרְן
דֶערְפוּן זֶענֶען פֶערְבְּרֶענְט גֶעװֶעזֶען
מִיט פֵייעֶר׃
14 אוּנְד דֶערְנָאךְ בִּין אִיךְ אַרִיבֶּערְ־
גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם
בְּרוּנֶען, אוּנְד צוּ דֶעם טַייךְ פוּן דֶעם
מֶלֶךְ, אָבֶּער עֶס אִיז נִיט אַמָאל גֶעװֶע־
זֶען אַיין אָרְט פַאר דֶער בְּהֵמָה װָאס
אִיז אוּנְטֶער מִיר גֶעװֶעזֶען דוּרְכְצוּגֵייִן׃
15 דֶערְנָאךְ בִּין אִיךְ אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
בֶּייא דֶעם טַייךְ אִין דֶער נַאכְט, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ בֶּעטְרַאכְט דֶעם בְּרָאךְ אִין

דיא

דיא מויער, אונד איך האב מיך
אומגעקעהרט, אונד אזוי בין איך
אריינגעקומען דורך דעם טויער פון
דעם טאל, אונד בין ווידער צוריק־
געקומען :

16 אונד דיא הארען האבען ניט
געוואוסט אוואו איך בין אהינגעגאנ־
גען, אדער וואס איך האב געטהון,
וואָרין ביז אצונד האב איך גאר ניט
געזאגט צו דיא יהודים, אונד צו דיא
כוהנים, אונד צו דיא פרייא הארען,
אונד צו דיא אויבערשטע, אונד צו
דיא איבריגע וואס האבען געטהון
דיא מלאכה :

17 דערנאך האב איך צו זייא גע־
זאגט, איהר זעהט דאך אין וואס פאר
א שלעכטע לאגע מיר זענען, דאס
ירושלים, איז חרוב, אונד איהרע
מויערן זענען פערברענט אין דעם
פייער, קומט אונד לאמער אויפבויען
דיא טויערן פון ירושלים, כדי מיר
זאלען ניט לענגער זיין צו א חרפה :

18 אונד אזוי האב איך צו זייא גע־
זאגט פון דער גוטער האנד פון גאט
וואס איז אויף מיר געוועזען, אונד
פון דיא ווערטער פון דעם מלך וואס
ער האט צו מיר געזאגט ; אונד זייא
האבען געזאגט, לאמער אויפשטיין
אונד לאמער בויען, אונד אזוי האבען
זייא געשטארקט זייערע הענד צו דעם
גוטען :

19 אבער ווען סנבלט דער חורוני,
אונד טוביה דער קנעכט פון דעם
עמוני, אונד גשם דער ערבי האבען
עס געהערט, אזוי האבען זייא איבער
אונס געשפעט, אונד זייא האבען
אונס מבזה געוועזען, אונד זייא האבען
געזאגט, וואס איז דיא דאזיגע זאך
וואס איהר טהוט ? ווילט איהר מורד
זיין קעגען דעם מלך ?

20 אזוי האב איך זייא געענטפערט,
אונד איך האב צו זייא געזאגט, דער
גאט פון דעם הימעל, ער וועט אונס
מצליח זיין, אונד מיר זיינע קנעכט
וועלען אויפשטיין אונד מיר וועלען
בויען, אבער איהר האט קיין חלק
אונד קיין רעכט, אדער א געדעכטע־
ניס אין ירושלים :

## קאפיטעל ג

1 אונד אלישיב דער כוהן הגדול
איז אויפגעשטאנען, מיט זיינע ברידער
דיא כוהנים, אונד זייא האבען אויפ־
געבויעט דאס שאף־טויער ; זייא
האבען עס געהייליגט, אונד זייא
האבען אויפגעשטעלט דיא טירען
דערפון, אונד ביז צו דעם טורעם
המאה האבען זייא עס געהייליגט,
אונד ביז צו דעם טורעם חננאל :

2 אונד בייא זיינער זייט האבען דיא
לייט פון ירחו געבויעט, אונד נאהענט
דערבייא האט זכור זוהן פון אמרי
געבויעט :

3 אונד דאס פיש־טויער האבען דיא
זיהן פון הסנאה געבויעט, זייא האבען
עס פערבאלקענט, אונד זייא האבען
אויפגעשטעלט דיא טירען, אונד דיא
שלעסער אונד דיא ריגעלן דערפון :

4 אונד געבען זייא האט מרמות זוהן
פון אוריה, זוהן פון הקוץ, צורעכט
געמאכט, אונד געבען זייא האט
משולם זוהן פון ברכיה, זוהן פון
משיזבאל צורעכט געמאכט, אונד געבען
זייא האט צדוק זוהן פון בענא
צורעכט געמאכט :

5 אוּנְד נֶעבֶּען זֵייא הָאבֶּען צוּרֶעכְט־
גֶעמַאכְט דִיא תְּקוֹעִים, אָבֶּער זֵיירֶע
עֶרֶעל־לֵייט הָאבֶּען נִיט גֶעטְהוּן זֵייעֶר
הַאלְז צוּ דֶער אַרְבֵּייט פוּן זֵיירֶע הַארֶען :
6 אָבֶּער דָאס אַלְטֶע טוֹיעֶר הָאבֶּען
יוֹיָדָע זוּהְן פוּן פָּסֵחַ, אוּנְד מְשׁוּלָּם
זוּהְן פוּן בְּסוֹדְיָה צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט, זֵייא
הָאבֶּען עֶס גֶעבַּאלְקֶענְד, אוּנְד הָאבֶּען
אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא טִירֶען, אוּנְד דִיא
שְׁלֶעסֶער אוּנְד דִיא רִיגֶעלְן דֶערְפוּן :
7 אוּנְד נֶעבֶּען זֵייא הָאבֶּען צוּרֶעכְט־
גֶעמַאכְט, מְלַטְיָה דֶער גִּבְעוֹנִי, אוּנְד
יָדוֹן דֶער מֵרוֹנוֹתִי, דִיא לֵייט פוּן גִּבְעוֹן
אוּנְד פוּן מִצְפָּה, בִּיז צוּ דֶעם טְרוֹין־
שְׁטוּל פוּן דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר פוּן דֶער
אַנְדֶערֶער זֵייט פוּן דֶעם טֵייךְ :
8 אוּנְד נֶעבֶּען זֵייא הָאבֶּען צוּרֶעכְט־
גֶעמַאכְט עוּזִּיאֵל זוּהְן פוּן חַרְהֲיָה פוּן
דִיא גָאלְדשְׁמִידֶען, אוּנְד נֶעבֶּען אִיהְם
הָאט צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט חֲנַנְיָה זוּהְן פוּן
הָרַקָּחִים (דִיא אַפָּאטֵייקֶערְס) ; אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעשְׁטַארְקְט יְרוּשָׁלַיִם בִּיז צוּ
דִיא בְּרֵייטֶע מוֹיעֶר :
9 אוּנְד נֶעבֶּען זֵייא הָאט צוּרֶעכְט־
גֶעמַאכְט רְפָיָה זוּהְן פוּן חוּר, עֶר אִיז
גֶעוֶועזֶען אֵיין הַאר אִיבֶּער הַאלְבּ
יְרוּשָׁלָיִם :
10 אוּנְד נֶעבֶּען זֵייא הָאט צוּרֶעכְט־
גֶעמַאכְט, יְדָיָה זוּהְן פוּן חֲרוּמַף אַפִילוּ
בִּיז קֶעגֶען זֵיין הויז, אוּנְד נֶעבֶּען
אִיהְם הָאט צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט חַטּוּשׁ
זוּהְן פוּן חֲשַׁבְנְיָה :
11 דָאס אַנְדֶערֶע מָאס הָאט צוּרֶעכְט־
גֶעמַאכְט מַלְכִּיָּה זוּהְן פוּן חָרִם, אוּנְד
חַשּׁוּב זוּהְן פוּן דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר פוּן
מוֹאָב, אוּנְד אוֹיךְ דִיא טוּרֶעמְס פוּן
דִיא אוֹיפֶענְס (הָאבֶּען זֵייא צוּרֶעכְט־
גֶעמַאכְט) :
12 אוּנְד נֶעבֶּען אִיהְם הָאט צוּרֶעכְט־
גֶעמַאכְט שַׁלּוּם זוּהְן פוּן הַלּוֹחֵשׁ, דֶער
הַאר אִיבֶּער דִיא (אַנְדֶערֶע) הֶעלְפְט
פוּן יְרוּשָׁלַיִם, עֶר אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן :
13 דָאס טוֹיעֶר פוּן דֶעם טָאל הָאבֶּען
צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט חָנוּן אוּנְד דִיא אֵיינְ־
וואוֹינֶערְס פוּן זָנוֹחַ, זֵייא הָאבֶּען עֶס
גֶעבּוֹיעֶט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶע־
שְׁטֶעלְט דִיא טִירֶען מִיט דִיא שְׁלֶעסֶער
אוּנְד דִיא רִיגֶעלְן דֶערְפוּן, אוּנְד חוּץ
דֶעם הָאבֶּען זֵייא גֶעבּוֹיעֶט אַ טוֹיזֶענְד
אֵיילֶען אִין דֶער מוֹיעֶר, בִּיז צוּ דֶעם
מִיסְט־טוֹיעֶר :
14 אָבֶּער דָאס מִיסְט־טוֹיעֶר הָאט
צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט מַלְכִּיָּה זוּהְן פוּן רֵכָב,
דֶער הַאר אִיבֶּער אַ טֵייל פוּן
בֵּית־הַכָּרֶם, עֶר הָאט עֶס אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט,
אוּנְד אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא טִירֶען מִיט
דִיא שְׁלֶעסֶער אוּנְד דִיא רִיגֶעלְן דֶערְ־
פוּן :
15 אָבֶּער דָאס טוֹיעֶר פוּן דֶעם קְוַואל
הָאט צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט, שַׁלּוּן זוּהְן פוּן
כָּל־חוֹזֶה, דֶער הַאר אִיבֶּער אַ טֵייל
פוּן מִצְפָּה, עֶר הָאט עֶס אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט,
אוּנְד הָאט עֶס בֶּעדֶעקְט, אוּנְד אוֹיפְ־
גֶעשְׁטֶעלְט דִיא טִירֶען מִיט דִיא שְׁלֶעסֶער
אוּנְד דִיא רִיגֶעלְן דֶערְפוּן, אוּנְד דִיא
מוֹיעֶר בִּיז צוּ דֶעם טֵייךְ שֶׁלַח בֵּייא
דֶעם מֶלֶךְ'ס גָארְטֶען, בִּיז צוּ דִיא
טְרֶעפּ וָואס גֵייט אַרוּפּ פוּן דָוִיד'ס
שְׁטָאט :
16 אוּנְד נָאךְ אִיהְם הָאט צוּרֶעכְטגֶע־
מַאכְט נְחֶמְיָה זוּהְן פוּן עַזְבּוּק, דֶער
הַאר אִיבֶּער אַ הַאלְבֶּען טֵייל פוּן
בֵּית־צוּר, בִּיז קֶעגֶענְאִיבֶּער דִיא קְבָרִים
פוּן דָוִיד, אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם טֵייךְ

וָואס מֶען הָאט גֶעמַאכְט, אוּנְד בִּיז צוּ
דֶעם הויז פוּן דִיא גִבּוֹרִים:
17 נָאךְ אִיהְם הָאבֶּען צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט,
פוּן דִיא לְוִיִם רְחוּם זוּהְן פוּן בָּנִי, אוּנְד
נֶעבֶּען אִיהְם הָאט צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט,
חֲשַׁבְיָה דֶער הַאר אִיבֶּער דֶעם טֵייל
פוּן קְעִילָה, אִין זַיין חֵלֶק:
18 אוּנְד נָאךְ אִיהְם הָאבֶּען צוּרֶעכְט־
גֶעמַאכְט זַיירֶע בְּרִידֶער, בַּוַּי זוּהְן פוּן
חֵנָדָד, דֶער הַאר אִיבֶּער דֶעם (אַנְדֶערְן)
הַאלְבֶּען טֵייל פוּן קְעִילָה:
19 אוּנְד נֶעבֶּען אִיהְם הָאט צוּרֶעכְט־
גֶעמַאכְט, עֵזֶר זוּהְן פוּן יֵשׁוּעַ, דֶער
אויבֶּערְשְׁטֶער אִיבֶּער מִצְפָּה, דָאס אַנְ־
דֶערֶע מָאס, קֶעגֶענְאִיבֶּער בֵּייא דֶעם
אַרויפְגֵיין אַן דֶעם עֶק (וְוִיא מֶען
בֶּעוַואפֶענְט זִיךְ):
20 נָאךְ אִיהְם הָאט צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט,
בָּרוּךְ זוּהְן פוּן זַבַּי, דָאס אַנְדֶערֶע
מָאס, פוּן דֶעם עֶק בִּיז צוּ דֶער טִיעָר
פוּן אֶלְיָשִׁיב, דֶעם כּוֹהֵן הַגָּדוֹל'ס הויז:
21 אוּנְד נָאךְ אִיהְם הָאט צוּרֶעכְט־
גֶעמַאכְט, מְרֵמוֹת זוּהְן פוּן אוּרִיָּה, זוּהְן
פוּן קוֹץ דָאס אַנְדֶערֶע מָאס, פוּן דֶער
טִיעָר פוּן אֶלְיָשִׁיבְ'ס הויז אָן בִּיז צוּ
דֶעם עֶנְד פוּן אֶלְיָשִׁיבְ'ס הויז:
22 אוּנְד נָאךְ אִיהְם הָאבֶּען צוּרֶעכְט־
גֶעמַאכְט דִיא כּוֹהֲנִים, דִיא לֵייט פוּן
דֶעם פְּלוֹין:
23 נָאךְ אִיהְם הָאבֶּען צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט,
בִּנְיָמִין אוּנְד חַשּׁוּב, קֶעגֶענְאִיבֶּער זַייעֶר
הויז; נָאךְ אִיהְם הָאט צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט
עֲזַרְיָה זוּהְן פוּן מַעֲשֵׂיָה, זוּהְן פוּן
עֲנַנְיָה נֶעבֶּען זַיין (אֵייגֶען) הויז:
24 נָאךְ אִיהְם הָאט צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט,
בִּנּוּי זוּהְן פוּן חֵנָדָד דָאס אַנְדֶערֶע
מָאס, פוּן עֲזַרְיָה'ס הויז אָן בִּיז צוּ
דֶעם עֶק אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם ווִינְקֶעל:
25 פָּלָל זוּהְן פוּן אוּזַי (הָאט גֶעבּויעֶט)
פוּן עֶנְטְקֶעגֶען דֶעם עֶק אוּנְד דֶעם
טוּרֶעם וָואס גֵייט אַרויס פוּן דֶעם
מֶלֶךְ'ס אויבֶּערְשְׁטֶען הויז, וָואס אִיז
אִין דֶעם הוֹיף פוּן דֶער וַואךְ, נָאךְ
אִיהְם פְּדָיָה זוּהְן פוּן פַּרְעוֹשׁ:
26 דִיא נְתִינִים וָואס הָאבֶּען גֶעווֹאוִינְט
אִין עוֹפֶל (הָאבֶּען צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט)
בִּיז קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶעם וַואסֶער־טוֹיעֶר,
אִין דֶער מִזְרַח־זַייט, אוּנְד אויךְ דֶעם
טוּרֶעם וָואס אִיז (דֶערְפוּן) אַרויסְגֶע־
גַאנְגֶען:
27 נָאךְ זַייא הָאבֶּען דִיא תְּקוֹעִים
צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט דָאס אַנְדֶערֶע מָאס,
פוּן קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶעם גְרויסֶען טוּרֶעם
וָואס גֵייט אַרויס, אוּנְד בִּיז צוּ דֶער
מויעֶר פוּן עוֹפֶל:
28 פוּן דֶעם פֶערְד־טוֹיעֶר אָן הָאט
אִיטְלִיכֶער פוּן דִיא כּוֹהֲנִים צוּרֶעכְט־
גֶעמַאכְט קֶעגֶענְאִיבֶּער זַיין הויז:
29 אוּנְד נָאךְ זַייא הָאט צוּרֶעכְטגֶע־
מַאכְט צָדוֹק זוּהְן פוּן אִמֵּר קֶעגֶענְ־
אִיבֶּער זַיין (אֵייגֶען) הויז, אוּנְד נָאךְ
אִיהְם הָאט צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט שְׁמַעְיָה
זוּהְן פוּן שְׁכַנְיָה, דֶער הִיטֶער פוּן דֶעם
מִזְרַח־טוֹיעֶר:
30 נָאךְ אִיהְם הָאט צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט
חֲנַנְיָה זוּהְן פוּן שֶׁלֶמְיָה, אוּנְד חָנוּן דֶער
זֶעקְסטֶער זוּהְן פוּן צָלָף, דָאס אַנְדֶערֶע
מָאס; נָאךְ אִיהְם הָאט צוּרֶעכְטגֶע־
מַאכְט מְשֻׁלָּם זוּהְן פוּן בֶּרֶכְיָה קֶעגֶענְ־
אִיבֶּער זַיינֶע קַאמֶער:
31 נָאךְ אִיהְם הָאט צוּרֶעכְטגֶעמַאכְט
מַלְכִּיָּה זוּהְן פוּן דֶעם גָאלְדְשְׁמִיד, בִּיז
צוּ דֶעם הויז פוּן דִיא נְתִינִים אוּנְד
דִיא בְּשָׂמִים קְרֶעמֶער'ס, קֶעגֶענְאִיבֶּער

דעם אויפֿזעהערס טויער, אונד ביז צו
דעם אַרויפֿגײן בײא דעם ווינקעל׃
32 אונד צווישען דעם אַרויפֿגײן פֿון
דעם ווינקעל צו דעם שאָף־טויער
האָבען דיא גאָלדשמידען אונד דיא
קרעמערס צורעכטגעמאַכט׃
33 אונד עס איז געוועזען, דאָס ווען
סנבלט האָט געהערט אַז מיר האָבען
געבויעט דיא מויער אַזוי האָט עס
איהם פֿערדראָסען, אונד ער האָט
שטאַרק געצאָרנט, אונד ער האָט גע־
שפּעט איבער דיא יהודים׃
34 אונד ער האָט געזאָגט פֿאַר זיינע
ברידער אונד פֿאַר דעם חיל פֿון
שומרון, יוא ער האָט געזאָגט, וואָס
טהוען דיא שלאַפֿע (עלענדע) יודען?
וועלען זייא עס דען צו זייא איבער־
לאָזען, אָדער וועלען זייא דען מקריב
זיין? אָדער וועלען זייא עס דען קענען
אין אַ טאָג פֿערלענדען? וועלען זייא
דען קענען דיא שטיינער נייא מאַכען
אויס דעם הויפֿען פֿון דער אַש—וואָס
זייא זענען דאָך פֿערברענט?
35 אונד טוביה דער עמוני איז געבען
איהם געוועזען, אונד ער האָט גע־
זאָגט, יוא, אַפילו דאָס וואָס זייא
בויען, ווען אַ פֿוקס זאָל אַרויפֿגײן אַזוי
וועט ער צוברעכען זייערע שטיינערנע
מויער׃
36 הער דאָך, אוי אונזער גאָט, וואָס
מיר זענען פֿעראַכטעט געוואָרען, אונד
קעהר זייערע חרפּה אויף זייער אייגענעם
קאָפּ, אונד לאָזען זייא געגעבען ווער־
רען צו אַ פֿעראַכטונג אין דעם לאַנד
פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט׃
37 אונד בעדעק ניט זייערע אומגע־
רעכטיגקייט, אונד זייערע זינד וואָס
איז פֿאַר דיר זאָלסט דוא ניט לאָזען
אויסמעקען, וואָרין זייא האָבען דיך
אָנגערייצט צום צאָרן געגען דיא
וואָס בויען׃
38 אַזוי האָבען מיר געבויעט דיא
מויער, אונד דיא גאַנצע מויער איז
פֿערבונדען געוואָרען ביז צו דיא
העלפֿט, וואָרין דאָס פֿאָלק האָט געהאַט
אַ הארץ (אַ ווילען) צו אַרבייטען׃

## קאפיטעל ד

1 אונד עס איז געוועזען, ווען סנבלט,
אונד טוביה, אונד דיא ערבים, אונד
דיא עמונים אונד דיא אשדודים האָבען
געהערט דאָס דיא מויערן פֿון ירושלים
זענען צורעכטגעמאַכט געוואָרען, אונד
דאָס דיא איינגעבראָכענע שטעלען
האָבען אָנגעהויבען פֿערשטאָפּט צו
ווערען, אַזוי האָט עס זייא זעהר
דערגרימט׃
2 אונד זייא האָבען זיך צוזאַמען
פֿערבונדען, כדי צו קומען מלחמה צו
האַלטען אין ירושלים, אונד דאַרין אַ
פֿערדאַרבונג צו מאַכען׃
3 אַזוי האָבען מיר געבעטען צו אונ־
זער גאָט, אונד מיר האָבען אָנגע־
שטעלט אַ וועכטער קעגען זייא בייא
טאָג אונד בייא נאַכט, פֿון וועגען
זייא׃
4 אונד יהודה האָט געזאָגט, דער
כח פֿון דיא לאַסט־טרעגערס איז
שוואַך געוואָרען, אונד דער שטויב איז
זעהר פֿיל, אונד מיר זענען ניט אים
שטאַנד (אַליין) צו בויען אין דער
מויער׃
5 אונד אונזערע פֿיינד האָבען גע־
זאָגט, זייא זאָלען עס ניט וויסען אונד
זייא זאָלען עס ניט זעהען ביז מיר

וֶועלֶען קוּמֶען צְווִישֶׁען זֵייא אוּנְד וֶועלֶען
זֵייא דֶערשְׁלָאגֶען, אוּנְד אַזוי וֶועלֶען
מִיר מַאכֶען אַז דִיא מְלָאכָה זָאל אוֹיפְ־
הֶערֶען׃
6 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, דָאס וֶוען
דִיא יְהוּדִים וָואס הָאבֶּען נֶעבֶּען זֵייא
גֶעווָאוינְט זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען, אַזוי
הָאבֶּען זֵייא צוּ אוּנְס גֶעזָאגְט צֶעהְן
מָאל, פוּן אַלֶע עֶרְטֶער (אִיז עֶס נֵייטִיג
דָאס) אִיהְר זָאלְט צוּ אוּנְס צוּרִיקְ־
קֶעהְרֶען׃
7 דָארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אָנְגֶעשְׁטֶעלְט
פוּן דֶעם אוּנְטֶערשְׁטֶען טֵייל פוּן אִיטְ־
לִיכֶען אָרְט בֵּייא דֶער מוֹיעֶר אוּנְד אִין
דִיא לֶעכֶער, אַפִּילוּ פוּן דֶעם פָאלְק
הָאבּ אִיךְ אָנְגֶעשְׁטֶעלְט נָאךְ אִיטְלִיכֶער
מִשְׁפָּחָה, מִיט זֵייעֶרֶע שְׁוֶוערְדֶען, שְׁפִּיזֶען
אוּנְד זֵייעֶרֶע שִׁיס־בּוֹיגֶען׃
8 אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוּמְגֶע־
זֶעהֶען אַזוי בִּין אִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט צוּ דִיא פְּרֵייא־
הַארֶען אוּנְד צוּ דִיא אַנְדֶערֶע הַארֶען,
אוּנְד צוּ דֶעם אִיבְּרִיגֶען פָאלְק, אִיהְר
זָאלְט נִיט פַאר זֵייא קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען!
גֶעדֶענְקְט נָאר אַן דֶעם גְרוֹיסֶען אוּנְד
פָארְכְטֶערְלִיכֶען גָאט, אוּנְד הַאלְט
מִלְחָמָה פוּן וֶועגֶען אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער,
אֵייעֶרֶע זִיהְן אוּנְד אֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער,
אֵייעֶרֶע ווייבֶּער אוּנְד וֶועגֶען אֵייעֶרֶע
הֵייזֶער׃
9 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, דָאס וֶוען
אוּנְזֶערֶע פֵיינְד הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז
עֶס אִיז צוּ אוּנְס בֶּעקַאנְט גֶעווָארֶען,
אוּנְד דָאס גָאט הָאט פֶערשְׁטֶערְט זֵייעֶרֶע
עֵצָה, אוּנְד דָאס מִיר הָאבֶּען אוּנְס
אַלֶע צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ דֶער מוֹיעֶר,
אִיטְלִיכֶער צוּ זֵיינֶע אַרְבֵּייט׃
10 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם
דָאזִיגֶען טָאג אָן אוּנְד ווייטֶער, דָאס
אֵיינֶע הֶעלְפְט פוּן מֵיינֶע יוּנְגֶען הָאבֶּען
גֶעאַרְבֵּייטֶעט אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע הֶעלְפְט
הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען דִיא שְׁפִּיזֶען אוּנְד
דִיא שִׁילְדֶען, אוּנְד דִיא שִׁיס־בּוֹיגֶען
אוּנְד אֵייזֶערְנֶע פַּאנְצֶערְס, אוּנְד דִיא
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען הִינְטֶער
דֶעם גַאנְצֶען הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יְהוּדָה׃
11 אוּנְד אַפִּילוּ דִיא וָואס הָאבֶּען
גֶעבּוֹיעֶט אַן דֶער מוֹיעֶר, אוּנְד דִיא
וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דִיא לַאסְטֶען,
אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעלָאדֶען (דִיא
לַאסְטֶען), הָאבֶּען מִיט אֵיינֶע הַאנְד
גֶעאַרְבֵּייט אוּנְד מִיט דִיא אַנְדֶערֶע
הָאבֶּען זֵייא גֶעהַאלְטֶען דָאס שְׁוֶוערְד׃
12 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט גֶע־
בּוֹיעֶט, הָאט גֶעהַאט זֵיין שְׁוֶוערְד
אָנְגֶעבּוּנְדֶען אוֹיף זֵיינֶע לֶענְדֶען, אוּנְד
אַזוי הָאבֶּען זֵייא גֶעבּוֹיעֶט, אוּנְד דֶער
שׁוֹפָר־בְּלָאזֶער אִיז נֶעבֶּען מִיר גֶעוֶועזֶען׃
13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט צוּ דִיא
פְרֵייהַארֶען, אוּנְד צוּ דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע,
אוּנְד צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע פוּן דֶעם פָאלְק,
דִיא אַרְבֵּייט אִיז פִיל אוּנְד גְרוֹיס,
אוּנְד מִיר זֶענֶען צוּשְׁפְּרֵייט אוֹיף דֶער
מוֹיעֶר, אֵיינֶער אִיז ווייט פוּן דֶעם
אַנְדֶערְן׃
14 אוּנְד אוֹיף וֶועלְכֶען אָרְט אַז אִיהְר
וֶועט הֶערֶען דָאס קוֹל פוּן דֶעם שׁוֹפָר,
דָארְט אַהִין זָאלְט אִיהְר אֵייךְ צוּ אוּנְס
פֶערְזַאמֶעלְן; אוּנְזֶער גָאט וֶועט פַאר
אוּנְס מִלְחָמָה הַאלְטֶען׃
15 אוּנְד אַזוי הָאבֶּען מִיר גֶעאַרְבֵּיי־
טֶעט אִין דֶער מְלָאכָה, דִיא הֶעלְפְט
פוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען דִיא
שְׁפִּיזֶען, פוּן דֶעם אוֹיפְגַיין פוּן דֶעם

מאָרגֶענשְׁטֶערְן, בִּיז דִיא שְׁטֶערְן זֶענֶען
אַרױסגֶעקוּמֶען (אױף דֶער נאַכְט) :
16 צוּ דֶערְזֶעלְבִּיגֶער צַייט הָאבּ אִיךְ
אױךְ גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, אַז
אִיטְלִיכֶער זָאל מִיט זַיין יוּנְג אִיבֶּערְ־
גֶעכְטִיגֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, כְּדֵי זַייא זָאלֶען
פַאר אוּנְס זַיין אַ וַואךְ בַּייא דֶער
נאַכְט, אוּנְד בַּייא טָאג צוּ טְהוּן דִיא
אַרְבֵּייט :
17 אַזױ הָאט קֵיינֶער, אַפִּילוּ נִיט אִיךְ,
אָדֶער מֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד מֵיינֶע
יוּנְגֶען, אָדֶער דִיא לֵייט פוּן דֶער וַואךְ
וָואס זֶענֶען הִינְטֶער מִיר גֶעװֶעזֶען,
קֵיינֶער פוּן אוּנְס הָאט נִיט אױסגֶעטְהוּן
זַיינֶע קְלֵיידֶער, אִיטְלִיכֶער אִיז מִיט זַיין
כְּלִי־זַיִן גֶעגַאנְגֶען אַפִּילוּ צוּ דֶעם
וַואסֶער :

## קאפּיטעל ה

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אַ גְרוֹיס
גֶעשְׁרֵייא פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד זֵייעֶרֶע
װַייבֶּער קֶעגֶען זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, דִיא
יְהוּדִים :
2 וָוארִין עֶס זֶענֶען גֶעװֶעזֶען עֶטְלִיכֶע
וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר, אוּנְזֶערֶע
זִיהְן אוּנְד אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער זֶענֶען
פִּיל, אַזױ װֶעלֶען מִיר אוּנְס נֶעמֶען
קָארְן אַז מִיר זָאלֶען עֶסֶען אוּנְד
לֶעבֶּען :
3 אוּנְד אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
אוּנְזֶערֶע פֶעלְדֶער אוּנְד אוּנְזֶערֶע װַיינְ־
גֶערְטֶען אוּנְד אוּנְזֶערֶע הַייזֶער הָאבֶּען
מִיר גֶעגֶעבֶּען פַאר אַ מַשְׁכּוֹן, כְּדֵי מִיר
זָאלֶען קֶענֶען קױפֶען קָארְן װֶעגֶען
דֶעם הוּנְגֶער :
4 אוּנְד דָא זֶענֶען גֶעװֶעזֶען אַנְדֶערֶע
וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען
אוּנְס גֶעבָּארְגְט גֶעלְד פַאר אוּנְזֶערֶע
פֶעלְדֶער אוּנְד װַיינְגֶערְטֶען צוּ בֶּעצָאה־
לֶען דֶעם מֶלֶךְ'ס מַס :
5 אוּנְד אַצוּנְד אִיז דֶען נִיט דָאס
פְלֵייש פוּן אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער אַזױ וִויא
אוּנְזֶער פְלֵייש, זֵייעֶרֶע זִיהְן אַזױ וִויא
אוּנְזֶערֶע זִיהְן, אוּנְד זֶעהְט, מִיר צְװִינְ־
גֶען אוּנְזֶערֶע זִיהְן אוּנְד אוּנְזֶערֶע
טֶעכְטֶער צוּ זַיין קְנֶעכְט, אוּנְד אַ טֵייל
פוּן אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער זֶענֶען שׁוֹין
לַאנְג בֶּעצְװאוּנְגֶען גֶעװָארֶען, אוּנְד מִיר
הָאבֶּען נִיט קֵיין כּוֹחַ זַייא אױסְצוּלֵייזֶען,
אוּנְד אױךְ אוּנְזֶערֶע פֶעלְדֶער אוּנְד
װַיינְגֶערְטֶען גֶעהֶערֶען שׁוֹין צוּ אַנְדֶערֶע :
6 אוּנְד אִיךְ בִּין זֶעהְר צָארְנִיג גֶעװֶעזֶען
װֶען אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט זֵייעֶר
גֶעשְׁרֵייא, אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע װֶערְטֶער :
7 אוּנְד מֵיין הַארְץ הָאט זִיךְ אִין מִיר
בֶּערָאטֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעקְרִיגְט
מִיט דִיא פְרֵייא־הַארֶען, אוּנְד מִיט
דִיא אױבֶּערְשְׁטֶע, אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ
זַייא גֶעזָאגְט, אִיהְר עֶנְטְלֵייעֶט אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערְן כְּדֵי אִיהְר זָאלְט (גְרוֹיסֶע)
רְוָחִים נֶעמֶען ; אוּנְד אִיךְ הָאבּ קֶעגֶען
זַייא גֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג :
8 אַזױ הָאבּ אִיךְ צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
מִיר הָאבֶּען שׁוֹין פוּן לַאנְג אוּנְזֶערֶע
בְּרִידֶער, דִיא יְהוּדִים, אױסְגֶעקױפְט
נָאךְ אוּנְזֶער פֶערְמֶעגֶען וָואס זֶענֶען
פֶערְקױפְט גֶעװֶעזֶען צוּ דִיא גוֹיִם,
אוּנְד װִילְט אִיהְר אַפִּילוּ אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער
פֶערְקױפֶען ? אָדֶער זָאלֶען זַייא (װִידֶער)
צוּ אוּנְס פֶערְקױפְט װֶערֶען ? אַזױ
הָאבֶּען זַייא שְׁטִיל גֶעשְׁװִיגֶען, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען אַ וָוארְט
(צוּ עֶנְטְפֶערְן) :
9 אַזױ הָאבּ אִיךְ װַייטֶער גֶעזָאגְט,
דִיא זַאךְ וָואס אִיהְר טְהוּט אִיז נִיט

גוּט, זָאלְט אִיהר נִיט פִיל מֶעהר גֵיין
אִין דֶער פָארְכְט פוּן אוּנְזֶער גָאט, פוּן
וֶועגֶען דֶער חֶרְפָּה פוּן דִיא גוֹיִם
אוּנְזֶערֶע פֵיינְד?
10 וָואָרִין אוֹיךְ אִיךְ, מֵיינֶע בְּרִידֶער
אוּנְד מֵיינֶע יוּנְגֶען, ווָאלְטֶען אוֹיךְ גֶע־
קֶענְט רְוָחִים נֶעמֶען פוּן זֵייא פוּן גֶעלְד
אוּנְד קָארְן—אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, לָאזְט דָאךְ
אָפּ דֶעם דָאזִיגֶען רֶוַח:
11 קֶעהְרְט דָאךְ הֵיינְט צוּ זֵייא צוּרִיק,
אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, זֵיירֶע פֶעלְדֶער, זֵיירֶע
ווַיינְגֶערְטֶען, זֵיירֶע אֵיילְבֶּערְט־בֵּיימֶער,
אוּנְד זֵיירֶע הֵייזֶער אוּנְד אַפִּילוּ דָאס
הוּנְדֶערְטסְטֶע טֵייל פוּן דֶעם גֶעלְד
אוּנְד פוּן דֶעם קָארְן, אוּנְד פוּן דֶעם
וַויין, אוּנְד פוּן דֶעם אֵייל וָואס אִיהְר
הָאט פוּן זֵייא רֶוַח גֶענוּמֶען:
12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר
ווֶעלֶען עֶס צוּרִיקְגֶעבֶּען, אוּנְד מִיר
ווֶעלֶען פוּן זֵייא נִיט מֶעהר פֶערְלַאנְגֶען,
מִיר ווֶעלֶען אַזוֹי טְהוּן וִויא דוּא זָאגְסְט;
אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶערוּפֶען דִיא כּוֹהֲנִים
אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא בֶּעשְׁוְואוֹירֶען כְּדֵי
זֵייא זָאלֶען טְהוּן נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע
זַאךְ:
13 אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ אָפְּגֶעשָׁאקֶעלְט מֵיין
עֶק קְלֵייר אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט,
אַזוֹי זָאל גָאט שָׁאקֶעלֶן אִיטְלִיבֶען מַאן
פוּן זֵיין הויז אוּנְד פוּן זֵיינֶע אַרְבֵּייט
וָואס וֶועט נִיט מְקַיֵים זֵיין דִיא דָאזִיגֶע
זַאךְ, אוּנְד אַזוֹי זָאל עֶר זֵיין אוֹיסְגֶע־
שָׁאקֶעלְט אוּנְד לֵיידִיג, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע קָהָל הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אָמֵן!
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט גָאט; אוּנְד
דָאס פָאלְק הָאבֶּען גֶעטְהוּן נָאךְ דֶער
דָאזִיגֶער זַאךְ:
14 יוֹא, אַפִּילוּ פוּן דֶעם טָאג אָן דָאס
עֶס אִיז מִיר גֶעבָּאטֶען גֶעוָוארֶען אַז
אִיךְ זָאל זֵיין דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר אִיבֶּער
דֶעם לַאנְד פוּן יְהוּדָה, פוּן דֶעם צְוַואנְ־
צִיגְסְטֶען יָאהר אָן אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם
צְווייא אוּנְד דְרֵייסִיגְסְטֶען יָאהְר פוּן
דֶעם מֶלֶךְ אַרְתַּחְשַׁסְתְּא, דָאס אִיז
צְוֶועלְף יָאהְר, הָאבּ אִיךְ אוּנְד מֵיינֶע
בְּרִידֶער נִיט גֶעגֶעסֶען דָאס בְּרוֹיט פוּן
דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר:
15 אָבֶּער דִיא פְרִיהֶערִיגֶע גוּבֶּערְ־
נַאטָארְס וָואס זֶענֶען פַאר מִיר גֶע־
וֶועזֶען, הָאבֶּען גֶעלֵייגְט אַ שְׁוֶוערֶע
לַאסְט אוֹיף דֶעם פָאלְק, אוּנְד הָאבֶּען
פוּן זֵייא גֶענוּמֶען בְּרוֹיט אוּנְד וַויין,
אוּנְד חוּץ דֶעם פִירְצִיג שְׁקָלִים זִילְבֶּער,
יוֹא, אַפִּילוּ זֵיירֶע יוּנְגֶען הָאבֶּען אִיבֶּער
דֶעם פָאלְק גֶעוֶועלְטִיגְט, אָבֶּער אִיךְ
הָאבּ נִיט אַזוֹי גֶעטְהוּן פוּן וֶועגֶען דֶער
גָאטֶעס פָארְכְט:
16 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ אָנְגֶעהַאלְטֶען
אַן דֶער אַרְבֵּייט פוּן דֶער דָאזִיגֶער
מוֹיעֶר, אוּנְד מִיר הָאבֶּען אוּנְס נִיט
אַמָאל גֶעקוֹיפְט אַ פֶעלְד, גֵייעֶרְט אַלֶע
מֵיינֶע יוּנְגֶען זֶענֶען דָארְטֶען פֶערְ־
זַאמֶעלְט גֶעוֶועזֶען בֵּייא דֶער אַרְבֵּייט:
17 אוּנְד אִיבֶּער דֶעם אַלֶעם זֶענֶען
נָאךְ גֶעוֶועזֶען בֵּייא מֵיין טִישׁ פוּן דִיא
יְהוּדִים, אוּנְד פוּן דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע
הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג מַאן, חוּץ דִיא
וָואס זֶענֶען צוּ אוּנְס גֶעקוּמֶען פוּן
צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם וָואס זֶענֶען רִינְגְס
אַרוּם פוּן אוּנְס:
18 אוּנְד דָאס וָואס אִיז פַאר אִיטְ־
לִיבֶען טָאג צוּבֶּערֵייטֶעט גֶעוָוארֶען, אִיז
גֶעוֶועזֶען אֵיין אָקְס, זֶעקְס פֶעטֶע שָׁאף,
אוּנְד אוֹיךְ פֶערְשִׁידֶענֶע עוֹפוֹת זֶענֶען
פַאר מִיר צוּבֶּערֵייטֶעט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד

איינמאל

אײנְמָאל אין צֶעהְן טָאג הָאט מֶען
גֶעהַאט אַלֶערְלֵייא וויין, וָעהְר פיל,
אוּנְד דָאךְ הָאבּ אִיךְ נִיט פֶערְלַאנְגְט
דָאס בְּרויט פוּן אַ גוּבֶּערְנַאטָאר, דֶערְר
ווייל דִיא אַרְבֵּייט אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁוֶוער
אויף דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק:
19 אוי מֵיין גָאט, גֶעדֶענְק דָאס צוּ
מִיר צוּם גוּטֶען, אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעטְהוּן צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק:

קאפיטעל ו

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען סַנְבַלַט,
אוּנְד טוֹבִיָה, אוּנְד גֶשֶׁם דֶער עַרְבִי,
אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע פוּן אוּנְזֶערֶע פֵיינְד
הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז אִיךְ הָאבּ אויפְ־
גֶעבּויעֶט דִיא מויעֶר, אוּנְד דָאס עֶס
אִיז קֵיין בְּרָאךְ נִיט מֶעהְר דַארִין
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, (חָאטְשֶׁע בִּיז צוּ דֶער
זֶעלְבִּיגֶער צֵייט הָאבּ אִיךְ נָאךְ נִיט
גֶעהַאט אויפְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא טִירֶען אִין
דִיא טויעֶרְן):
2 אַזוֹי הָאט סַנְבַלַט אוּנְד גֶשֶׁם צוּ
מִיר גֶעשִׁיקְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, קוּם אוּנְד
לָאמֶער זִיךְ צוּזַאמֶען טְרֶעפֶען אִין
אֵיינֶעם פוּן דִיא דֶערְפֶער, אִין דֶעם
פְּלוִין פוּן אוֹנוֹ; אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען
גֶעטְרַאכְט מִיר שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן:
3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא גֶעשִׁיקְט
שְׁלוּחִים, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דִיא מְלָאכָה
וָואס אִיךְ טְהוּא אִיז גְרויס, אוּנְד אַזוֹי
קֶען אִיךְ נִיט אַרוּנְטֶערְקוּמֶען, פַארְוָואס
זָאל דִיא אַרְבֵּייט אויפְהֶערֶען, וֶוען אִיךְ
פֶערְלָאז עֶס אוּנְד קוּם צוּ אֵייךְ אַרוּנְטֶער?
4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ מִיר אויף
דֶעם דָאזִיגֶען אוֹפֶן גֶעשִׁיקְט פִיעֶר מָאל,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט נָאךְ
דֶעם דָאזִיגֶען וָוארְט:
5 אַזוֹי הָאט סַנְבַלַט צוּ מִיר גֶעשִׁיקְט
נָאךְ דֶעם דָאזִיגֶען וָוארְט דָאס פִינְפְטֶע
מָאל דוּרְךְ זֵיין יוּנְג, אוּנְד אִין זֵיינֶע
הַאנְד אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין אָפֶענֶער
בְּרִיף:
6 אִין דֶעם אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעשְׁרִיבֶּען,
עֶס אִיז צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם גֶעהֶערְט
גֶעוָוארֶען, אוּנְד גַשְׁמוּ הָאט גֶעזָאגְט
דָאס דוּא אוּנְד דִיא יְהוּדִים טְרַאכְטֶען
מוֹרֵד צוּ זֵיין, דָארִיבֶּער טְהוּסְט דוּא
בּויעֶן דִיא מויעֶר, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט
צוּ זֵייא זֵיין (גְלֵייךְ וִויא) אַ מֶלֶךְ, נָאךְ
דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער:
7 אוּנְד דוּא הָאסְט דִיר אויךְ אָנְגֶעְ־
שְׁטֶעלְט נְבִיאִים, פוּן דִיר אויסְצוּרוּפֶען
אִין יְרוּשָׁלַיִם אַזוֹי צוּ זָאגֶען, עֶס אִיז
דָא אַ מֶלֶךְ אִין יְהוּדָה, אוּנְד אַצוּנְד
וֶועט מֶען עֶס לָאזֶען דֶעם מֶלֶךְ הֶערֶען
נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע רֵייד, אַזוֹי קוּם אַצוּנְד
אוּנְד לָאמֶער זִיךְ מִיט אֵיינַאנְדֶער
מְיַיעֵץ זֵיין (בֶּערַאטֶען):
8 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זָאלְכֶע זַאכֶען וִויא דִיא
דָאזִיגֶע וָואס דוּא זָאגְסְט זֶענֶען גָארְנִיט
גֶעוֶועזֶען, גֵייעֶרְט דוּא הָאסְט זֵייא
אויסְגֶעטְרַאכְט אוֹיס דֵיין אֵייגֶען
הַארְץ:
9 וָוארִין זֵייא אַלֶע הָאבֶּען אוּנְס אַ
מוֹרָא אָנְגֶעמַאכְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֵיירֶע
הֶענְד וֶועלֶען שְׁלַאף וֶוערֶען פוּן דֶער
אַרְבֵּייט, אַז עֶס זָאל נִיט גֶעמַאכְט
וֶוערֶען; אָבֶּער אַצוּנְד (אוי מֵיין גָאט)
שְׁטַארְק דָאךְ מֵיינֶע הֶענְד:
10 אוּנְד דֶערְנָאךְ בִּין אִיךְ אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
אִין דֶעם הויז פוּן שְׁמַעְיָה זוּהְן פוּן
דְלָיָה, זוּהְן פוּן מְהֵיטַבְאֵל, אוּנְד עֶר
אִיז גֶעוֶועזֶען אויפְגֶעהַאלְטֶען (אֵיינְגֶעְ־
שְׁלָאסֶען), אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,

לָאמֶער זִיךְ טְרֶעפֶען אִין גָאטְ'ס הויז,
אִינְעֶווייניג אִין דֶעם הֵיכָל, אוּנְד לָאָ־
מֶער פֶערְשְׁלִיסֶען דִיא טִירֶען פוּן דֶעם
הֵיכָל, וָוארִין זֵייא וֶועלֶען קוּמֶען דִיךְ
צוּ דֶערשְׁלָאגֶען, בֵּייא נַאכְט וֶועלֶען
זֵייא קוּמֶען דִיךְ צוּ הַרְגְנְ'ן:

11 אַזוי הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, זָאל דֶען
אַזוֹי אַ מַאן וִויא אִיךְ אֶנְטְלוֹיפֶען?
אוּנְד וֶוער אִיז דֶער אַזוֹי וִויא אִיךְ
וָואס וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֶעם הֵיכָל
כְּדֵי עֶר זָאל בְּלֵייבֶּען לֶעבֶּען? אִיךְ
וִויל נִיט אַרֵיינְגֵיין:

12 אוּנְד זֶעה, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ עֶס
דֶערְקֶענְט אַז גָאט הָאט אִיהְם נִיט
גֶעשִׁיקְט, גֵייעֶרְט דִיא נְבוּאָה הָאט עֶר
קֶעגֶען מִיר גֶערֶעט, וֵוייל טוֹבִיָה אוּנְד
סַנְבַלַט הָאבֶּען אִיהְם גֶעדוּנְגֶען:

13 וֵוייל עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גֶעדוּנְ־
גֶענֶער, דֶערְוֵוייל הָאט עֶר מִיר אַ מוֹרָא
גֶעמַאכְט, כְּדֵי אִיךְ זָאל אַזוֹי טְהוּן,
אוּנְד זִינְדִיגֶען, אַז זֵייא זָאלֶען קֶענֶען
קֶעגֶען מִיר הָאבֶּען אַ שְׁלֶעכְטֶען שֵׁם,
כְּדֵי מִיךְ צוּ שֶׁענְדֶען:

14 אוֹי מֵיין גָאט, גֶעדֶענְק צוּ טוֹבִיָה
אוּנְד צוּ סַנְבַלַט נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע
זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים; אוּנְד אוֹיךְ צוּ נוֹעַדְיָה
דִיא נְבִיאָה, אוּנְד צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע
נְבִיאִים וָואס זֵייא וִוילֶען מִיר אַ מוֹרָא
מַאכֶען:

15 אוּנְד אַזוֹי אִיז דִיא מוֹיעֶר פֶערְטִיג
גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם פִינְף אוּנְד
צְוַואנְצִיגְסְטֶען טָאג פוּן אֱלוּל, אִין
צְוֵוייא אוּנְד פוּפְצִיג טֶעג:

16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען אַלֶע
אוּנְזֶערֶע פֵיינְד הָאבֶּען גֶעהֶערְט, אוּנְד
אַלֶע גוֹיִם וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען רִינְגְס
אַרוּם הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דִיא דָאזִיגֶע
זַאכֶען, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא אִין זֵייעֶרֶע
אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען גֶעפַאלֶען, (אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט), וָוארִין זֵייא
הָאבֶּען גֶעוְואוּסְט אַז דִיא דָאזִיגֶע
מְלָאכָה אִיז פוּן אוּנְזֶער גָאט אַלֵיין
גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען:

17 וָוארִין אוֹיךְ אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע טֶעג
הָאבֶּען דִיא פְרֵייא־הַארֶען פוּן יְהוּדָה
פִילֶע בְּרִיף גֶעשִׁיקְט צוּ טוֹבִיָה, אוּנְד
פוּן טוֹבִיָה זֶענֶען זֵייא צוּ זֵייא גֶעקוּ־
מֶען:

13 וָוארִין פִילֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין
יְהוּדָה וָואס הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעשְׁ־
וָואוירֶען, וָוארִין עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען
אֵיין אֵיידֶעם צוּ שְׁכַנְיָה זוּהְן פוּן אָרַח,
אוּנְד זֵיין זוּהְן יְהוֹחָנָן הָאט גֶענוּמֶען
דִיא טָאכְטֶער פוּן מְשׁוּלָּם זוּהְן פוּן
בֶּרֶכְיָה:

19 זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ פַאר מִיר
גֶעזָאגְט זֵיינֶע גוּטֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד
מֵיינֶע וֶוערְטֶער הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם
אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט; אוּנְד טוֹבִיָה הָאט
גֶעשִׁיקְט בְּרִיף כְּדֵי מִיר מוֹרָא צוּ
מַאכֶען:

## קאפיטעל ז

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וֶוען
דִיא מוֹיעֶר אִיז אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט גֶעוָוארֶען,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא
טִירֶען, אוּנְד וֶוען דִיא טוֹיעֶר־הִיטֶערְס
אוּנְד דִיא זִינְגֶערְס אוּנְד דִיא לְוִיִּים
זֶענֶען אָנְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען:

2 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ בֶּעפוֹילֶען מֵיין
בְּרוּדֶער חֲנָנִי אוּנְד חֲנַנְיָה, אַלְס אוֹי־
בֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶער הוֹיפְּט־שְׁטָאט אִיבֶּער
יְרוּשָׁלַיִם, וָוארִין עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין
אֶמֶתְ'ר מַאן, אוּנְד אֵיינֶער וָואס וַואר אַ
יְרֵא אֱלֹהִים מֶעהְר פוּן פִילֶע אַנְדֶערֶע:

3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אַז דִיא טוֹיעֶרְן פוּן יְרוּשָׁלַיִם זָאלֶען
נִיט אוֹיפְגֶעמַאכְט װעֶרֶען בִּיז דִיא זוּן
אִיז הֵייס, אוּנְד אַזוֹי לַאנְג וִויא זֵייא
שְׁטֵייעֶן דֶערְבֵּייא, לָאזֶען דִיא טִירֶען
צוּגֶעמַאכְט זַיין, אוּנְד פֶערְרִיגֶעלְט װעֶר־
רֶען, אוּנְד שְׁטֶעלְט אָן הִיטֶערְס פוּן
דִיא אֵיינְווֹאוינֶערְס פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אִיטְ־
לִיכֶער בֵּייא זַיין מִשְׁמָר, אוּנְד אִיטְלִיכֶער
קֶעגֶענְאִיבֶּער זַיין אֵייגֶען הוֹיז׃
4 אוּנְד דִיא שְׁטָאט אִיז גֶעװעֶזֶען
בְּרֵייט אוּנְד גְרוֹיס פוּן בֵּיידֶע זֵייטֶען,
אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז אִין אִיהְר גֶעװעֶ־
זֶען װֵיינִיג, אוּנְד קֵיינֶע הֵייזֶער זֶענֶען
נָאךְ נִיט גֶעבּוֹיעֶט גֶעװעֶזֶען׃
5 אוּנְד מֵיין גָאט הָאט מִיר אִין מֵיין
הַארְץ (מֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען) גֶעגֶעבֶּען אַז
אִיךְ זָאל פֶערְזַאמֶעלְן דִיא פְרֵייא־הַארֶען,
אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע, אוּנְד דָאס פָאלְק,
(כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אוֹיסְגֶערֶעכֶענְט װעֶרֶען)
נָאךְ זֵייעֶר יִחוּס נָאךְ, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
גֶעפוּנֶען אַ סֵפֶר יִחוּס פוּן דִיא וָואס
זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען מִיט דֶער עֶרְשְׁטֶער
גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דַארִין
גֶעפוּנֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען׃
6 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן
דֶער מְדִינָה וָואס זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען
פוּן דֶעם גָלוּת וָואס נְבוּכַדְנֶצַּר מֶלֶךְ
פוּן בָּבֶל הָאט אַװעֶקְגֶעפִיהְרְט, אוּנְד
וָואס זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם
אוּנְד יְהוּדָה, אִיטְלִיכֶער צוּ זֵיינֶע
שְׁטָאט׃
7 דִיא זֶענֶען גֶעקוּמֶען מִיט זְרֻבָּבֶל,
יֵשׁוּעַ, נְחֶמְיָה, עֲזַרְיָה, רַעַמְיָה, נַחֲמָנִי,
מָרְדְּכַי, בִּלְשָׁן, מִסְפֶּרֶת, בִּגְוַי, נְחוּם,
אוּנְד בַּעֲנָה, דִיא צָאהְל פוּן דִיא מֶענֶער
פוּן יִשְׂרָאֵל (אִיז גֶעװעֶזֶען וִויא עֶס
פָאלְגְט)׃
8 דִיא קִינְדֶער פוּן פַּרְעוֹשׁ זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען צְוֵוייא טוֹיזֶענְד אֵיין הוּנְדֶערְט
צְוֵוייא אוּנְד זִיבֶּעצִיג׃
9 דִיא קִינְדֶער פוּן שְׁפַטְיָה דְרֵייא
הוּנְדֶערְט צְוֵוייא אוּנְד זִיבֶּעצִיג׃
10 דִיא קִינְדֶער פוּן אָרַח זִיבֶּען הוּנְ־
דֶערְט צְוֵוייא אוּנְד פוּפְצִיג׃
11 דִיא קִינְדֶער פוּן פַּחַת מוֹאָב פוּן
דִיא זִיהְן פוּן יֵשׁוּעַ אוּנְד יוֹאָב, צְוֵוייא
טוֹיזֶענְד, אַכְט הוּנְדֶערְט אוּנְד אַכְט־
צֶעהְן׃
12 דִיא קִינְדֶער פוּן עֵילָם אֵיין טוֹיזֶענְד
צְוֵוייא הוּנְדֶערְט פִיעֶר אוּנְד פוּפְצִיג׃
13 דִיא קִינְדֶער פוּן זַתּוּא אַכְט הוּנְ־
דֶערְט פִינְף אוּנְד פִירְצִיג׃
14 דִיא קִינְדֶער פוּן זַכָּי זִיבֶּען הוּנְ־
דֶערְט אוּנְד זֶעכְצִיג׃
15 דִיא קִינְדֶער פוּן בִּנּוּי זֶעקְס הוּנְדֶערְט
אַכְט אוּנְד פִירְצִיג׃
16 דִיא קִינְדֶער פוּן בֵּבַי זֶעקְס הוּנְ־
דֶערְט אַכְט אוּנְד צְוַואנְצִיג׃
17 דִיא קִינְדֶער פוּן עַזְגָּד צְוֵוייא
טוֹיזֶענְד דְרֵייא הוּנְדֶערְט צְוֵוייא אוּנְד
צְוַואנְצִיג׃
18 דִיא קִינְדֶער פוּן אֲדוֹנִיקָם זֶעקְס
הוּנְדֶערְט זִיבֶּען אוּנְד זֶעכְצִיג׃
19 דִיא קִינְדֶער פוּן בִּגְוַי צְוֵוייא טוֹי־
זֶענְד זִיבֶּען אוּנְד זֶעכְצִיג׃
20 דִיא קִינְדֶער פוּן עָדִין זֶעקְס הוּנְ־
דֶערְט פִינְף אוּנְד פוּפְצִיג׃
21 דִיא קִינְדֶער פוּן אָטֵר, פוּן חִזְקִיָה
אַכְט אוּנְד נֵיינְצִיג׃
22 דִיא קִינְדֶער פוּן חָשֻׁם דְרֵייא
הוּנְדֶערְט אַכְט אוּנְד צְוַואנְצִיג׃
23 דִיא קִינְדֶער פוּן בֵּצָי דְרֵייא הוּנְ־
דֶערְט פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג׃

דיא

24 דִיא קִינְדֶער פוּן חָרִיף אֵיין הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוועֶלְף :

25 דִיא קִינְדֶער פוּן גִבְעוֹן פִינְף אוּנְד נֵיינְצִיג :

26 דִיא מֶענֶער פוּן בֵּית לֶחֶם אוּנְד נְטוֹפָה זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אֵיין הוּנְדֶערְט אַכְט אוּנְד אַכְצִיג :

27 דִיא מֶענֶער פוּן עֲנָתוֹת אֵיין הוּנְדֶערְט אַכְט אוּנְד צְוַואנְצִיג :

28 דִיא מֶענֶער פוּן בֵּית עַזְמָוֶת צְווֵייא אוּנְד פִירְצִיג :

29 דִיא מֶענֶער פוּן קִרְיַת יְעָרִים, כְּפִירָה אוּנְד בְּאֵרוֹת, זִיבֶּען הוּנְדֶערְט דְרֵייא אוּנְד פִירְצִיג :

30 דִיא מֶענֶער פוּן רָמָה אוּנְד גָבַע זֶעקְס הוּנְדֶערְט אֵיין אוּנְד צְוַואנְצִיג :

31 דִיא מֶענֶער פוּן מִכְמָס אֵיין הוּנְדֶערְט צְווֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיג :

32 דִיא מֶענֶער פוּן בֵּית אֵל אוּנְד עַי אֵיין הוּנְדֶערְט דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיג :

33 דִיא מֶענֶער פוּן נְבוֹ (דֶעם אַנְדֶערְן), צְווֵייא אוּנְד פוּפְצִיג :

34 דִיא מֶענֶער פוּן עֵילָם דֶעם אַנְדֶערְן, אֵיין טוֹיזֶענְד צְווֵייא הוּנְדֶערְט פִיעֶר אוּנְד פוּפְצִיג :

35 דִיא קִינְדֶער פוּן חָרִם דְרֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג :

36 דִיא קִינְדֶער פוּן יְרֵחוֹ דְרֵייא הוּנְדֶערְט פִינְף אוּנְד פִירְצִיג :

37 דִיא קִינְדֶער פוּן לוֹד, חָדִיד, אוּנְד אוֹנוֹ, זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אֵיין אוּנְד צְוַואנְצִיג :

38 דִיא קִינְדֶער פוּן סְנָאָה דְרֵייא טוֹיזֶענְד נֵיין הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג :

39 דִיא כּוֹהֲנִים–זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא קִינְדֶער פוּן יְדַעְיָה פוּן דֶעם הוֹיז יֵשׁוּעַ, נֵיין הוּנְדֶערְט דְרֵייא אוּנְד זִיבֶּעצִיג :

40 דִיא קִינְדֶער פוּן אִמֵּר אֵיין טוֹיזֶענְד צְווֵייא אוּנְד פוּפְצִיג :

41 דִיא קִינְדֶער פוּן פַּשְׁחוּר אֵיין טוֹיזֶענְד צְווֵייא הוּנְדֶערְט זִיבֶּען אוּנְד פִירְצִיג :

42 דִיא קִינְדֶער פוּן חָרִם אֵיין טוֹיזֶענְד אוּנְד זִיבֶּעצֶעהְן :

43 דִיא לְוִיִם–זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא קִינְדֶער פוּן יֵשׁוּעַ, אוּנְד קַדְמִיאֵל פוּן דִיא זִיהְן פוּן הוֹדְיָה פִיעֶר אוּנְד זִיבֶּעצִיג

44 דִיא זִינְגֶערִם–זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא זִיהְן פוּן אָסָף אֵיין הוּנְדֶערְט אַכְט אוּנְד פִירְצִיג :

45 דִיא טוֹיעֶר וֶועכְטֶערִם–זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא קִינְדֶער פוּן שַׁלֻּם, דִיא קִינְדֶער פוּן אָטֵר, דִיא קִינְדֶער פוּן טַלְמֹן, דִיא קִינְדֶער פוּן עַקּוּב, דִיא קִינְדֶער פוּן חֲטִיטָא, דִיא קִינְדֶער פוּן שֹׁבָי, אֵיין הוּנְדֶערְט אַכְט אוּנְד דְרֵייסִיג :

46 דִיא נְתִינִים (טֶעמְפֶּעל דִינֶערִם)–זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא קִינְדֶער פוּן צִחָא, דִיא קִינְדֶער פוּן חֲשֻׂפָא, דִיא קִינְדֶער פוּן טַבָּעוֹת :

47 דִיא קִינְדֶער פוּן קֵירוֹס, דִיא קִינְדֶער פוּן סִיעָא, דִיא קִינְדֶער פוּן פָּדוֹן :

48 דִיא קִינְדֶער פוּן לְבָנָה, דִיא קִינְדֶער פוּן חֲגָבָא, דִיא קִינְדֶער פוּן שַׂלְמָי :

49 דִיא קִינְדֶער פוּן חָנָן, דִיא קִינְדֶער פוּן גִדֵּל, דִיא קִינְדֶער פוּן גָחַר :

50 דִיא קִינְדֶער פוּן רְאָיָה, דִיא קִינְדֶער פוּן רְצִין, דִיא קִינְדֶער פוּן נְקוֹדָא :

51 דִיא קִינְדֶער פוּן גַזָּם, דִיא קִינְדֶער פוּן עֻזָּא, דִיא קִינְדֶער פוּן פָּסֵחַ :

52 דִיא קִינְדֶער פוּן בֵּסַי, דִיא קִינְדֶער
פוּן מְעוּנִים, דִיא קִינְדֶער פוּן נְפִישְׁסִים:
53 דִיא קִינְדֶער פוּן בַּקְבּוּק, דִיא
קִינְדֶער פוּן חֲקוּפָא, דִיא קִינְדֶער פוּן
חַרְחוּר:
54 דִיא קִינְדֶער פוּן בַּצְלִית, דִיא
קִינְדֶער פוּן מְחִידָא, דִיא קִינְדֶער פוּן
חַרְשָׁא:
55 דִיא קִינְדֶער פוּן בַּרְקוֹס, דִיא
קִינְדֶער פוּן סִיסְרָא, דִיא קִינְדֶער פוּן
תָּמַח:
56 דִיא קִינְדֶער פוּן נְצִיחַ, דִיא קִינְ־
דֶער פוּן חֲטִיפָא:
57 דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא קְנֶעכְט פוּן
שְׁלֹמֹה זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, דִיא קִינְדֶער
פוּן סוֹטַי, דִיא קִינְדֶער פוּן סוֹפֶרֶת, דִיא
קִינְדֶער פוּן פְּרִידָא:
58 דִיא קִינְדֶער פוּן יַעֲלָה, דִיא קִינְ־
דֶער פוּן דַרְקוֹן, דִיא קִינְדֶער פוּן גִּדֵּל:
59 דִיא קִינְדֶער פוּן שְׁפַטְיָה, דִיא
קִינְדֶער פוּן חַטִּיל, דִיא קִינְדֶער פוּן
פּוֹכֶרֶת־הַצְּבָיִים, דִיא קִינְדֶער פוּן אָמוֹן:
60 אַלֶע נְתִינִים אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן
דִיא קְנֶעכְט פוּן שְׁלֹמֹה, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
דְרַייא הוּנְדֶערְט צְוַוייא אוּנְד נַיינְצִיג:
61 אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען וָועלְכֶע זֶענֶען
אַרויפְגֶעקוּמֶען אוֹיס תֵּל־מֶלַח, תֵּל־
הַרְשָׁא, כְּרוּב אַדּוֹן אוּנְד אִמֵּר, אָבֶּער
זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט אָנְווייזֶען דָאס
הויז פוּן זַייעֶר פָאטֶערְס (יִחוּס), אוּנְד
אוֹיבּ זַייעֶר זָאמֶען אִיז פוּן יִשְׂרָאֵל:
62 דִיא קִינְדֶער פוּן דְלָיָה, דִיא קִינְ־
דֶער פוּן טוֹבִיָּה, דִיא קִינְדֶער פוּן
נְקוֹדָא, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זֶעקְס הוּנְדֶערְט
צְוַוייא אוּנְד פִירְצִיג:
63 אוּנְד פוּן דִיא כּוֹהֲנִים זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען דִיא קִינְדֶער פוּן חֳבָיָה, דִיא
קִינְדֶער פוּן הַקּוֹץ, דִיא קִינְדֶער פוּן
בַּרְזִלַּי, דֶער וָואס הָאט גֶענוּמֶען אֵיין
ווייבּ פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן בַּרְזִלַּי דֶעם
גִּלְעָדִי, אוּנְד אִיז נָאךְ אִיהְר נָאמֶען
גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען:
64 דִיא דָאזִיגֶע הָאבֶּען גֶעזוּכְט זַייעֶר
יִחוּס בְּרִיף, אָבֶּער זַייא הָאבֶּען עֶס נִיט
גֶעפוּנֶען, דָארִיבֶּער הָאט מֶען זַייא
בֶּעטְרַאכְט אַלְס אוּמְרַיין צוּ דֶער
כְּהוּנָה:
65 אַזוֹי הָאט דֶער תִּרְשָׁתָא צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, אַז זַייא זָאלֶען נִיט עֶסֶען פוּן
דֶעם קוֹדֶשׁ קָדָשִׁים, בִּיז אַ כּוֹהֵן וֶועט
אָנְגֶעשְׁטֶעלְט וֶוערֶען מִיט אוּרִים אוּנְד
תוּמִּים:
66 דָאס גַאנְצֶע קָהָל אִיז צוּזַאמֶען
גֶעוֶועזֶען, צְוַוייא אוּנְד פִירְצִיג טויזֶענְד
דְרַייא הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעכְצִיג:
67 חוּץ זַייעֶרֶע קְנֶעכְט אוּנְד זַייעֶרֶע
דִינְסְט־מֵיידֶען, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען זִיבֶּען טויזֶענְד דְרַייא הוּנְדֶערְט
אוּנְד זִיבֶּען אוּנְד דְרַייסִיג, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעהַאט צְוַוייא הוּנְדֶערְט
אוּנְד פִינְף אוּנְד פִירְצִיג זִינְגֶערְס אוּנְד
זִינְגֶערִינֶענְס:
68 זַייעֶרֶע פֶערְד זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען
הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעקְס אוּנְד דְרַייסִיג,
אוּנְד זַייעֶרֶע מוֹיל אֵייזֶעלְן, צְוַוייא
הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף אוּנְד פִירְצִיג:
69 זַייעֶרֶע קֶעמֶעלְן, פִיעֶר הוּנְדֶערְט
אוּנְד פִינְף אוּנְד דְרַייסִיג, אוּנְד זַייעֶרֶע
אֵייזֶעלְן, זֶעקְס טויזֶענְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט
אוּנְד צְוַואנְצִיג:
70 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא רָאשֵׁי
הָאָבוֹת הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶער
אַרְבֵּייט, דֶער תִּרְשָׁתָא הָאט גֶעגֶעבֶּען
צוּ דֶעם אוֹצָר, אֵיין טויזֶענְד דַרְכְּמוֹנִים

נָאלְד, פופְצִיג שְׁפְּרֶענְג־בֶּעקֶען, אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג אוּיבֶּער־קְלֵיידֶער פַאר דִיא כּוֹהֲנִים׃

71 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם אוֹצָר פַאר דִיא אַרְבֵּייט, צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד דַרְכְּמוֹנִים גָאלְד, אוּנְד צְוֵוייא טוֹיזֶענְד אוּנְד צְוֵוייא הוּנְדֶערְט מָנִים זִילְבֶּער׃

72 אוּנְד דָאס וָואס דָאס אִיבְּרִיגֶע פָאלְק הָאט גֶעגֶעבֶּען אִיז גֶעוֶועזֶען צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד דַרְכְּמוֹנִים גָאלְד, אוּנְד צְוֵוייא טוֹיזֶענְד מָנִים זִילְבֶּער, אוּנְד זִיבֶּען אוּנְד זֶעכְצִיג קְלֵיידֶער פַאר דִיא כּוֹהֲנִים׃

73 אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען דִיא כּוֹהֲנִים, אוּנְד דִיא לְוִיִם, אוּנְד דִיא טוֹיעֶר־הִיטֶערְס, אוּנְד דִיא מְשׁוֹרְרִים, אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד דִיא נְתִינִים, אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל גֶעוְואוֹינְט אִין זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט, אוּנְד וֶוען דֶער זִיבֶּעטֶער חוֹדֶשׁ אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, אַזוֹי זֶענֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעוֶועזֶען אִין זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט׃

## קאפיטעל ח

1 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט אַזוֹי וִויא אֵיין מַאן, אִין דֶער גַאס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פַאר דֶעם וַואסֶער־טוֹיעֶר, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ עֶזְרָא הַסוֹפֵר אַז מֶען זָאל בְּרֶענְגֶען דָאס סֵפֶר תּוֹרַת מֹשֶׁה, וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ יִשְׂרָאֵל׃

2 אַזוֹי הָאט עֶזְרָא הַכּוֹהֵן גֶעבְּרֶענְגְט דִיא תּוֹרָה פַאר דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, בֵּיידֶעס, פַאר דִיא מֶענֶער אוּנְד ווייבֶּער, אוּנְד פַאר אִיטְלִיכֶען וָואס הָאט גֶעקֶענְט פֶערְשְׁטֵיין צוּ הֶערֶען, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶעם זִיבֶּעטֶען חוֹדֶשׁ׃

3 אוּנְד עֶר הָאט דַארִין גֶעלֵייעֶנְט אוֹיף דֶער גַאס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פַאר דֶעם וַואסֶער־טוֹיעֶר, פוּן דֶעם אָנְהֵייבּ פוּן דֶעם לִיכְט בִּיז אִין דִיא הֶעלְפְט פוּן דֶעם טָאג בֶּעפָאר דִיא מֶענֶער אוּנְד דִיא ווייבֶּער, אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעקֶענְט פֶערְשְׁטֵיין, אוּנְד דִיא אוֹיעֶרֶען פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק הָאבֶּען גֶעהָארְכְט צוּ דֶעם סֵפֶר תּוֹרָה׃

4 אוּנְד עֶזְרָא הַסוֹפֵר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף אַ הָאלְצֶערְנֶעם טוּרֶעם וָואס זֵייא הָאבֶּען דֶערְפַאר גֶעמַאכְט, אוּנְד נֶעבֶּען אִיהְם בֵּייא זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען, מַתִּתְיָה, אוּנְד שֶׁמַע, אוּנְד עֲנָיָה, אוּנְד אוּרִיָה, אוּנְד חִלְקִיָה, אוּנְד מַעֲשֵׂיָה; אוּנְד אַן זַיינֶע לִינְקֶע הַאנְד (זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען) פְּדָיָה, אוּנְד מִישָׁאֵל, אוּנְד מַלְכִּיָה, אוּנְד חָשֻׁם, אוּנְד חַשְׁבַּדָּנָה, זְכַרְיָה אוּנְד מְשֻׁלָּם׃

5 אוּנְד וֶוען עֶזְרָא הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דָאס סֵפֶר פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, וָוארִין עֶר אִיז הֶעכֶער גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק־ אוּנְד וֶוען עֶר הָאט עֶס אוֹיפְגֶעמַאכְט אַזוֹי אִיז דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען׃

6 אוּנְד עֶזְרָא הָאט גֶעבֶּענְשְׁט יְהוָֹה דֶעם גְרוֹיסֶען גָאט, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אָמֵן! אָמֵן! מִיט אוֹיפְהֵייבּוּנְג פוּן זֵייעֶרֶע הֶענְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענֵייגְט אוּנְד גֶעבִּיקְט צוּ גָאט מִיט זֵייעֶר פָּנִים בִּיז צוּ דֶער עֶרְד׃

7 אוּנְד יֵשׁוּעַ, אוּנְד בָּנִי, אוּנְד שֵׁרֵבְיָה, יָמִין, עַקּוּב, שַׁבְּתַי, הוֹדִיָּה, מַעֲשֵׂיָה, קְלִיטָא, עֲזַרְיָה, יוֹזָבָד, חָנָן, פְּלָאיָה

אוּנְד דִיא לְוִיִם הָאבֶּען דֶעם פָאלְק צוּ
פֶערשְׁטֵיין גֶעגֶעבֶּען דִיא תּוֹרָה; אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז גֶעשְׁטַאנֶען:
8 אוּנְד אַזוֹי הָאט מֶען גֶעלֵייעֶנְט אִין
דֶעם סֵפֶר תּוֹרָה פוּן גָאט בֶּעשֵׁיידְלִיךְ,
אוּנְד מֶען הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען מִיט
שֵׂכֶל צוּ פֶערשְׁטֵיין וָואס מֶען הָאט
גֶעלֵייעֶנְט:
9 אוּנְד נְחֶמְיָה, דָאס אִיז דֶער תִּרְשָׁתָא,
אוּנְד עֶזְרָא הַסוֹפֵר, אוּנְד דִיא לְוִיִם
וָואס הָאבֶּען דָאס פָאלְק צוּ פֶערשְׁטֵיין
גֶעגֶעבֶּען, הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
גַאנְצֶען פָאלְק, הַיינְט אִיז הֵיילִיג צוּ
יְהוָֹה אֵייעֶר גָאט, אִיהְר זָאלְט נִיט
טְרוֹיעֶרְן, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט וֵויינֶען;
וָוארִין דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט גֶע־
וֵויינְט וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט דִיא
וֶוערְטֶער פוּן דֶער תּוֹרָה:
10 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
גֵייט (אַהֵיים), עֶסְט דָאס פֶעטֶע אוּנְד
טְרִינְקְט דָאס זִיסֶע, אוּנְד שִׁיקְט מַתָּנוֹת
צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט אָנְגֶעבְּרֵייט
פַאר זִיךְ, וָוארִין דֶער הַיינְטִיגֶער טָאג
אִיז הֵיילִיג צוּ אוּנְזֶער הַאר, דַארִיבֶּער
טְרוֹיעֶרְט נִיט, וָוארִין דִיא פְרֵייד פוּן
גָאט אִיז אֵיירֶע שְׁטַארְקְהַייט:
11 אוּנְד דִיא לְוִיִם הָאבֶּען דָאס גַאנְצֶע
פָאלְק גֶעמַאכְט שְׁטִיל שְׁוֵויינֶען, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, זֵייט שְׁטִיל וָוארִין דֶער
הַיינְטִיגֶער טָאג אִיז הֵיילִיג; דַארִיבֶּער
זָאלְט אִיהְר נִיט טְרוֹירִיג זֵיין:
12 אַזוֹי אִיז דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען צוּ עֶסֶען אוּנְד צוּ טְרִינְקֶען
אוּנְד צוּ שִׁיקֶען מַתָּנוֹת, אוּנְד צוּ מַא־
כֶען אַ גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה, וַוייל מֶען הָאט
זֵייא גֶעמַאכְט פֶערשְׁטֵיין אִין דִיא
וֶוערְטֶער וָואס מֶען הָאט זֵייא צוּ וִויסֶען
גֶעטְהוּן:
13 אוּנְד אִין דֶעם אַנְדֶערְן טָאג הָאבֶּען
זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת פוּן
דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, דִיא כּוֹהֲנִים אוּנְד
דִיא לְוִיִם צוּ עֶזְרָא הַסוֹפֵר, כְּדֵי זֵייא
זָאלֶען קְלוּג גֶעמַאכְט וֶוערֶען אִין דִיא
וֶוערְטֶער פוּן דֶער תּוֹרָה:
14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעפוּנֶען אַז עֶס
שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער תּוֹרָה וָואס
גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דוּרךְ משֶׁה, אַז
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלֶען וְואוֹינֶען אִין
סוּכּוֹת אַן דֶעם יוֹם טוֹב, אִין דֶעם
זִיבֶּעטֶען חוֹדֶשׁ:
15 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶע־
הֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא עֶס גֶעלָאזְט
אוֹיסְרוּפֶען אִין אַלֶע זֵיירֶע שְׁטֶעט,
אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
גֵייט אַרוֹיס צוּ דֶעם בַּארְג, אוּנְד
בְּרֶענְגְט צְוַוייגֶען פוּן אֵיילְבֶּערְטֶען,
אוּנְד צְוַוייגֶען פוּן אַנְדֶערֶע אֵייל־בֵּיי־
מֶער, אוּנְד צְוַוייגֶען פוּן הֲדַסִים, אוּנְד
לוּלָב, אוּנְד דִיקֶע צְוַוייגֶען דֶערְבַּייט
סוּכּוֹת צוּ מַאכֶען אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט
גֶעשְׁרִיבֶּען:
16 אַזוֹי אִיז דָאס פָאלְק אַרוֹיסְגֶעגַ־
נַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעבְּרַאכְט
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט סוּכּוֹת,
אִיטְלִיכֶער אוֹיף זֵיין דַאךְ, אוּנְד אִין
זֵיירֶען הוֹיף, אוּנְד אִין דֶעם הוֹיף פוּן
גָאט'ס הוֹיז, אוּנְד אִין דֶער גַאס פוּן
דֶעם וַואסֶער טוֹיעֶר, אוּנְד אִין דֶער
גַאס פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן אֶפְרַיִם:
17 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע קָהָל וָואס זֶענֶען
צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן דֶער גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט
הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט סוּכּוֹת, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִין דִיא סוּכּוֹת,
וָוארִין פוּן דִיא טֶעג פוּן יֵשׁוּעַ בִּן־נוּן

אָן בִּיז צוּ דֶעם דָאזִיגֶען טָאג הָאבֶּען
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל נִיט אַזוֹי גֶעטְהוּן,
אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶע
שִׂמְחָה׃
18 אוּנְד עֶר (עֶזְרָא) הָאט גֶעלֵייעֶנְט
אִין דֶעם סֵפֶר תּוֹרָה פוּן גָאט אִיטְלִיכֶען
טָאג, פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אָן בִּיז
צוּ דֶעם לֶעצְטֶען טָאג, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעמַאכְט חַג הַסּוּכּוֹת זִיבֶּען
טֶעג, אוּנְד אִין דֶעם אַכְטֶען טָאג
הָאבֶּען זֵייא גֶעמַאכְט שְׁמִינִי עֲצֶרֶת,
אַזוֹי וִויא דָאס מִשְׁפָּט אִיז גֶעוֶועזֶען׃

## קאפיטעל ט

1 אוּנְד אִין דֶעם פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶען טָאג פוּן דֶעם זֶעלְבִּיגֶען
חוֹדֶשׁ הָאבֶּען זִיךְ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
פֶערְזַאמֶעלְט מִיט פַאסְטֶען אוּנְד מִיט
זַעק אוּנְד עֶרְד אוֹיף זִיךְ׃
2 אוּנְד (דִיא זָאמֶען) דִיא קִינְדֶער פוּן
יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ אָפְּגֶעשֵׁייד פוּן אַלֶע
פְרֶעמְדֶע (הֵיידֶען), אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
מִתְוַדֶּה גֶעוֶועזֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע זִינְד, אוּנְד
דִיא זִינְד פוּן זֵייעֶרֶע אָבוֹת׃
3 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוֹיף זֵייעֶרֶע שְׁטֶעל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעלֵייעֶנְט אִין דֶעם סֵפֶר תּוֹרָה פוּן
יְהֹוָה זֵייעֶר גָאט, אַ פִירְטֶעל טָאג,
אוּנְד אֵיין אַנְדֶער פִירְטֶעל (טָאג)
הָאבֶּען זֵייא מִתְוַדֶּה גֶעוֶועזֶען, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ יְהֹוָה זֵייעֶר
גָאט׃
4 אוּנְד עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט
אוֹיף דִיא טְרֶעפּ פוּן דִיא לְוִיִּם, יֵשׁוּעַ,
אוּנְד בָּנִי, קַדְמִיאֵל, שְׁבַנְיָה, בּוּנִי,
שֵׁרֵבְיָה, בָּנִי, אוּנְד כְּנָנִי, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ גְרוֹיס קוֹל
צוּ יְהֹוָה זֵייעֶר גָאט׃
5 אוּנְד דִיא לְוִיִּם יֵשׁוּעַ, אוּנְד קַדְמִיאֵל,
בָּנִי, חֲשַׁבְנְיָה, שֵׁרֵבְיָה, הוֹדִיָּה, שְׁבַנְיָה,
פְּתַחְיָה הָאבֶּען גֶעזָאגְט, שְׁטֵייט אוֹיף
אוּנְד לוֹיבְּט יְהֹוָה אֵייעֶר גָאט פוּן
אֵייבִּיגְקֵייט צוּ אֵייבִּיגְקֵייט, אוּנְד אַז
מֶען זָאל לוֹיבֶּען דֵיין הֶערְלִיכֶען נָאמֶען
וָואס אִיז דֶערְהוֹיבֶּען אִיבֶּער אַלֶע
בְּרָכוֹת אוּנְד לוֹיבּ׃
6 דוּא אוֹי יְהֹוָה בִּיזְט אַלֵיין, דוּא
הָאסְט גֶעמַאכְט דִיא הִימֶעלְן, יָא,
דִיא הִימֶעל (אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע)
הִימֶעלְן, אוּנְד אַלֶע זֵייעֶרֶע חַיָילוֹת, דִיא
עֶרְד אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז אוֹיף אִיהְר,
אוֹיךְ דִיא יַמִּים אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז
אִין זֵייא, אוּנְד דוּא דֶערְנֶעהְרְסְט זֵייא
אַלֶע, אוּנְד אַפִילוּ דִיא חַיָילוֹת פוּן דִיא
הִימֶעלְן טְהוּן זִיךְ צוּ דִיר בִּיקֶען׃
7 דוּא אוֹי יְהֹוָה, בִּיזְט דֶער גָאט
וָואס הָאסְט דִיר אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט דֶעם
אַבְרָם, אוּנְד הָאסְט אִיהְם אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוֹיס אוּר כַּשְׂדִּים, אוּנְד דוּא
הָאסְט אִיהְם אַ נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען
אַבְרָהָם׃
8 אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעפוּנֶען אַז זֵיין
הַארְץ אִיז פַאר דִיר גֶעטְרֵייא גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד דוּא הָאסְט מִיט אִיהְם כּוֹרֵת
בְּרִית גֶעוֶועזֶען, כְּדֵי צוּ אִיהְם צוּ
גֶעבֶּען דָאס לַאנְד פוּן דֶעם כְּנַעֲנִי, פוּן
דֶעם חִתִּי, פוּן דֶעם אֱמוֹרִי, אוּנְד פוּן
דֶעם פְּרִזִּי, אוּנְד פוּן דֶעם יְבוּסִי, אוּנְד
פוּן דֶעם גִרְגָּשִׁי, עֶס צוּ גֶעבֶּען צוּ
זֵיין זָאמֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט אוֹיף
מְקַיֵּים גֶעוֶועזֶען דֵיין וָוארְט, וָוארִין דוּא
בִּיזְט גֶערֶעכְט׃
9 אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען דָאס
עֶלֶענְד פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן אִין

אַנְדֶערֶעם וַוייב, אוּנְד זִיא הָאט גֶע־
הייסֶען עַטָרָה, זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא
מוּטֶער פוּן אוֹנָם ׃
27 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן רָם דֶער
עֶרְשְׁטגֶעבּוֹירֶענֶער פוּן יְרַחְמְאֵל זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען, מַעַץ, אוּנְד יָמִין אוּנְד עֵקֶר ׃
28 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אוֹנָם זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען שַׁמַּי, אוּנְד יָדָע, אוּנְד דִיא
זִיהְן פוּן שַׁמַּי, נָדָב, אוּנְד אֲבִישׁוּר ׃
29 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן אֲבִישׁוּר'ס
וַוייב אִיז גֶעוֶועזֶען אֲבִיחָיִל, אוּנְד זִיא
הָאט צוּ אִיהְם גֶעבּוֹירֶען דֶעם אַחְבָּן
אוּנְד דֶעם מוֹלִיד ׃
30 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן נָדָב זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען סֶלֶד אוּנְד אַפַּיִם; אוּנְד סֶלֶד
אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אָהְן קִינְדֶער ׃
31 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אַפַּיִם זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען יִשְׁעִי; אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן
יִשְׁעִי, שֵׁשָׁן; אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן שֵׁשָׁן,
אַחְלָי ׃
32 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יָדָע דֶער
בְּרוּדֶער פוּן שַׁמַּי, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען יֶתֶר
אוּנְד יוֹנָתָן; אוּנְד יֶתֶר אִיז גֶעשְׁטָארְ־
בֶּען אָהְן קִינְדֶער ׃
33 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יוֹנָתָן זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען פֶּלֶת, אוּנְד זָזָא, דִיא דָאזִיגֶע
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא זִיהְן פוּן יְרַחְמְאֵל ׃
34 אָבֶּער שֵׁשָׁן הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע
זִיהְן, נֵייעֶרְט טֶעכְטֶער, אָבֶּער
שֵׁשָׁן הָאט גֶעהַאט אֵיין מִצְרִי'שֶׁען
קְנֶעכְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען
יַרְחָע ׃
35 אוּנְד שֵׁשָׁן הָאט גֶעגֶעבֶּען זֵיינֶע
טָאכְטֶער צוּ זֵיין קְנֶעכְט יַרְחָע פַאר אַ
וַוייב, אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
בּוֹירֶען דֶעם עַתַּי ׃
36 אוּנְד עַתַּי הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם
נָתָן, אוּנְד נָתָן הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם זָבָד ׃
37 אוּנְד זָבָד הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם
אֶפְלָל, אוּנְד אֶפְלָל הָאט גֶעוְואוּנֶען
דֶעם עוֹבֵד ׃
38 אוּנְד עוֹבֵד הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם
יֵהוּא, אוּנְד יֵהוּא הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם
עֲזַרְיָה ׃
39 אוּנְד עֲזַרְיָה הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם
חָלֶץ, אוּנְד חָלֶץ הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם
אֶלְעָשָׂה ׃
40 אוּנְד אֶלְעָשָׂה הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם
סִסְמָי, אוּנְד סִסְמָי הָאט גֶעוְואוּנֶען
דֶעם שַׁלּוּם ׃
41 אוּנְד שַׁלּוּם הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם
יְקַמְיָה, אוּנְד יְקַמְיָה הָאט גֶעוְואוּנֶען
דֶעם אֱלִישָׁמָע ׃
42 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן כָּלֵב, דֶער
בְּרוּדֶער פוּן יְרַחְמְאֵל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען,
מֵישָׁע, זֵיין בְּכוֹר, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען
דֶער פָאטֶער פוּן זִיף, אוּנְד דִיא זִיהְן
פוּן מָרֵשָׁה דֶער פָאטֶער פוּן חֶבְרוֹן ׃
43 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן חֶבְרוֹן זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען, קוֹרַח, אוּנְד תַּפּוּחַ, אוּנְד
רֶקֶם, אוּנְד שָׁמַע ׃
44 אוּנְד שֶׁמַע הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם
רַחַם, דֶער פָאטֶער פוּן יָרְקְעָם, אוּנְד
רֶקֶם הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם שַׁמָּי ׃
45 אוּנְד דֶער זוּהְן פוּן שַׁמַּי אִיז
גֶעוֶועזֶען מָעוֹן, אוּנְד מָעוֹן אִיז גֶעוֶוע־
זֶען דֶער פָאטֶער פוּן בֵּית־צוּר ׃
46 אוּנְד עֵיפָה דָאס קֶעבְּס־וַוייב פוּן
כָּלֵב, הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם חָרָן, אוּנְד
דֶעם מוֹצָא, אוּנְד דֶעם גָּזֵז, אוּנְד חָרָן
הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם גָּזֵז ׃
47 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יָהְדַי, רֶגֶם,
אוּנְד יוֹתָם, אוּנְד גֵישָׁן, אוּנְד פֶּלֶט,
אוּנְד עֵיפָה, אוּנְד שָׁעַף ׃

48 מַעֲכָה, כָּלֵב'ס קֶעבְּס־וַוייבּ, הָאט גֶעבּוֹירֶען שֶׁבֶר, אוּנְד דֶעם תִּרְחֲנָה:

49 אוּנְד זִיא הָאט (אוֹיךְ) גֶעבּוֹירֶען שַׁעַף, דֶער פָאטֶער פוּן מַדְמַנָּה, אוּנְד שְׁוָא, דֶער פָאטֶער פוּן מַכְבֵּנָא, אוּנְד דֶער פָאטֶער פוּן גִבְעָא, אוּנְד דִיא טָאכְטֶער פוּן כָּלֵב אִיז גֶעוֶועזֶען עַכְסָה:

50 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא זִיהְן פוּן כָּלֵב, זוּהְן פוּן חוּר, דֶער בְּכוֹר פוּן אֶפְרָת; שׁוֹבָל, דֶער פָאטֶער פוּן קִרְיַת יְעָרִים:

51 שַׂלְמָה, דֶער פָאטֶער פוּן בֵּית לָחֶם, חָרֵף, דֶער פָאטֶער פוּן בֵּית גָּדֵר:

52 אוּנְד שׁוֹבָל, דֶער פָאטֶער פוּן קִרְיַת יְעָרִים הָאט גֶעהַאט זִיהְן, הָרוֹאֶה, אוּנְד חֲצִי הַמְּנוּחוֹת:

53 אוּנְד דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן קִרְיַת יְעָרִים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דֶער יִתְרִי, אוּנְד דֶער פוּתִי, אוּנְד דֶער שֻׁמָתִי, אוּנְד דֶער מִשְׁרָעִי; פוּן דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען דִיא צָרְעָתִי, אוּנְד דִיא אֶשְׁתָּאֻלִי:

54 דִיא זִיהְן פוּן שַׂלְמָה, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֵּית־לֶחֶם, אוּנְד נְטוֹפָתִי, עַטְרוֹת, דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יוֹאָב, אוּנְד דִיא הֶעלְפְט פוּן מָנַחְתִּי, אוּנְד דֶער צָרְעִי:

55 אוּנְד דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן דִיא סוֹפְרִים וָואס הָאבֶּען גֶעוואוֹינְט אִין יַעְבֵּץ, תִּרְעָתִים, שִׁמְעָתִים, שׂוּכָתִים; זֵייא זֶענֶען דִיא קִינִים וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן חַמַּת, דֶער פָאטֶער פוּן בֵּית־רֵכָב:

## קאפיטעל ג

1 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא זִיהְן פוּן דָוִד וָואס זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אִין חֶבְרוֹן; דֶער עֶרְשְׁטְגֶעבּוֹירֶענֶער, אַמְנוֹן, פוּן דֶער אֲחִינוֹעַם, דִיא יִזְרְעֶאלִית; דֶער צְוֵוייטֶער דָנִיאֵל, פוּן דֶער אֲבִיגַיִל, דִיא כַּרְמְלִית:

2 דֶער דְרִיטֶער, אַבְשָׁלוֹם, דֶער זוּהְן פוּן מַעֲכָה, דִיא טָאכְטֶער פוּן תַּלְמַי, מֶלֶךְ פוּן גְשׁוּר; דֶער פִיעֶרְטֶער, אֲדוֹנִיָּה זוּהְן פוּן חַגִּית:

3 דֶער פִינְפְטֶער, שְׁפַטְיָה, פוּן דֶער אֲבִיטָל; דֶער זֶעקְסְטֶער, יִתְרְעָם, פוּן דֶער עֶגְלָה זֵיין וַוייבּ:

4 דִיא זֶעקְס זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אִין חֶבְרוֹן, אוּנְד עֶר הָאט דָארְטֶען רֶעגִירְט זִיבֶּען יָאהְר אוּנְד זֶעקְס חֳדָשִׁים, אָבֶּער דְרֵייא אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר הָאט עֶר רֶעגִירְט אִין יְרוּשָׁלַיִם:

5 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם־שִׁמְעָא, אוּנְד שׁוֹבָב, אוּנְד נָתָן, אוּנְד שְׁלֹמֹה, דִיא פִיעֶר פוּן בַּת־שׁוּעַ דִיא טָאכְטֶער פוּן עַמִּיאֵל:

6 אוּנְד יִבְחָר, אוּנְד אֱלִישָׁמַע, אוּנְד אֱלִיפָלֶט:

7 אוּנְד נוֹגַהּ, אוּנְד נֶפֶג, אוּנְד יָפִיעַ:

8 אוּנְד אֱלִישָׁמָע, אוּנְד אֶלְיָדָע, אוּנְד אֱלִיפֶלֶט, דִיא נַיין:

9 דִיא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַלֶע זִיהְן פוּן דָוִיד, חוּץ דִיא זִיהְן פוּן דִיא קֶעבְּס־וַוייבֶּער, אוּנְד תָּמָר זֵייעֶר שְׁוֶועסְטֶער:

10 אוּנְד דֶער זוּהְן פוּן שְׁלֹמֹה אִיז גֶעוֶועזֶען רְחַבְעָם, זֵיין זוּהְן אִיז גֶעוֶועזֶען אֲבִיָּה, אוּנְד זֵיין זוּהְן אָסָא, אוּנְד זֵיין זוּהְן יְהוֹשָׁפָט:

11 אוּנְד זֵיין זוּהְן יוֹרָם, אוּנְד זֵיין זוּהְן אֲחַזְיָהוּ, אוּנְד זֵיין זוּהְן יוֹאָשׁ:

12 אוּנְד זֵיין זוּהְן אֲמַצְיָהוּ, אוּנְד זֵיין זוּהְן עֲזַרְיָה, אוּנְד זֵיין זוּהְן יוֹתָם:

אונד

13 אוּנְד זַיין זוּהן אָחָז, אוּנְד זַיין
זוּהן חִזְקִיָּהוּ, אוּנְד זַיין זוּהן מְנַשֶּׁה:
14 אוּנְד זַיין זוּהן אָמוֹן, אוּנְד זַיין
זוּהן יֹאשִׁיָּהוּ:
15 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יֹאשִׁיָּהוּ זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען, דֶער עֶרְשְׁטֶע גֶעבּוֹירֶענֶער יוֹחָנָן,
דֶער צְוֵוייטֶער יְהוֹיָקִים, דֶער דְרִיטֶער
צִדְקִיָּהוּ, דֶער פִיעֶרְטֶער שַׁלּוּם:
16 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יְהוֹיָקִים זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען, יְכָנְיָה זַיין זוּהְן, אוּנְד
צִדְקִיָּה זַיין זוּהְן:
17 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יְכָנְיָה זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אַסִּיר, שְׁאַלְתִּיאֵל זַיין זוּהְן:
18 אוּנְד מַלְכִּירָם, אוּנְד פְּדָיָה, אוּנְד
שֶׁנְאַצַּר, יְקַמְיָה, הוֹשָׁמָע, אוּנְד נְדַבְיָה:
19 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן פְּדָיָה זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען זְרֻבָּבֶל, אוּנְד שִׁמְעִי, אוּנְד
דִיא זִיהְן פוּן זְרֻבָּבֶל, מְשֻׁלָּם, אוּנְד
חֲנַנְיָה, אוּנְד שְׁלֹמִית זַייעֶרֶע שְׁוֶועסְ-
טֶער:
20 אוּנְד חֲשֻׁבָה, אוּנְד אֹהֶל, אוּנְד
בֶּרֶכְיָה, אוּנְד חֲסַדְיָה, אוּנְד יוּשַׁב חֶסֶד,
פִינְף:
21 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן חֲנַנְיָה פְּלַטְיָה
אוּנְד יְשַׁעְיָה, דִיא זִיהְן פוּן רְפָיָה, דִיא
זִיהְן פוּן אַרְנָן, דִיא זִיהְן פוּן עֹבַדְיָה,
דִיא זִיהְן פוּן שְׁכַנְיָה:
22 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן שְׁכַנְיָה שְׁמַעְיָה,
אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן שְׁמַעְיָה חַטּוּשׁ אוּנְד
יִגְאָל, אוּנְד בָּרִיחַ אוּנְד נְעַרְיָה אוּנְד
שָׁפָט, זֶעקְס:
23 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן נְעַרְיָה אֶלְיוֹעֵינַי,
אוּנְד חִזְקִיָּה, אוּנְד עַזְרִיקָם, דְרַייא:
24 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אֶלְיוֹעֵינַי הוֹדַיְוָהוּ,
אוּנְד אֶלְיָשִׁיב, אוּנְד פְּלָיָה, אוּנְד עַקּוּב,
אוּנְד יוֹחָנָן, אוּנְד דְּלָיָה, אוּנְד עֲנָנִי,
זִיבֶּען:

## קאפּיטעל ד

1 דִיא זִיהְן פוּן יְהוּדָה, פֶּרֶץ, חֶצְרוֹן,
אוּנְד כַּרְמִי, אוּנְד חוּר, אוּנְד שׁוֹבָל:
2 אוּנְד רְאָיָה דֶער זוּהְן פוּן שׁוֹבָל
הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם יַחַת, אוּנְד יַחַת
הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם אֲחוּמַי אוּנְד דֶעם
לָהַד, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא מִשְׁפָּחוֹת
פוּן דֶעם צָרְעָתִי:
3 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
פוּן דֶעם פָאטֶער פוּן עֵיטָם, יִזְרְעֶאל,
אוּנְד יִשְׁמָא, אוּנְד יִדְבָּשׁ, אוּנְד דֶער
נָאמֶען פוּן זַייעֶרֶע שְׁוֶועסְטֶער אִיז גֶע-
וֶועזֶען הַצְלֶלְפּוֹנִי:
4 אוּנְד פְּנוּאֵל, דֶער פָאטֶער פוּן גְּדוֹר,
אוּנְד עֵזֶר דֶער פָאטֶער פוּן חוּשָׁה,
דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא זִיהְן
פוּן חוּר, דֶער עֶרְשְׁטֶע גֶעבּוֹירֶענֶער פוּן
אֶפְרָתָה, דֶער פָאטֶער פוּן בֵּית־לָחֶם:
5 אוּנְד אַשְׁחוּר, דֶער פָאטֶער פוּן
תְּקוֹעַ הָאט גֶעהַאט צְוַויא וַוייבֶּער,
חֶלְאָה, אוּנְד נַעֲרָה:
6 אוּנְד דִיא נַעֲרָה הָאט צוּ אִיהְם
גֶעבּוֹירֶען דֶעם אֲחֻזָּם, אוּנְד דֶעם חֵפֶר,
אוּנְד דֶעם תֵּימְנִי, אוּנְד דֶעם אֲחַשְׁתָּרִי,
דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן נַעֲרָה:
7 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן חֶלְאָה זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען, צֶרֶת, יִצְחַר, אוּנְד אֶתְנָן:
8 אוּנְד קוֹץ הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
עָנוּב, אוּנְד דֶעם צֹבֵבָה, אוּנְד דִיא
מִשְׁפְּחוֹת פוּן אֲחַרְחֵל דֶעם זוּהְן פוּן
הָרֻם:
9 אוּנְד יַעְבֵּץ אִיז גֶעוֶועזֶען מֶעהְר
גֶעעֶהְרְט פוּן זַיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד זַיינֶע
מוּטֶער הָאט אִיהְם גֶערוּפֶען יַעְבֵּץ
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וַוייל אִיךְ הָאבּ אִיהְם
גֶעוואוּנֶען אִין טְרוֹירִיגְקַייט:
10 אוּנְד יַעְבֵּץ הָאט גֶערוּפֶען צוּ דֶעם

נאָט פון ישׂראל, אַזוי צו זאָגען, אוי
דאָס דוא װאָלסט מיך אים גאַנצען
בענשען, אונד פערמעהרען מיינע
גרענעץ, אונד אַז דיינע האַנד זאָל
זיין מיט מיר, כּדי מיך אָפּצוהאַלטען
פון דעם בייזען, אַז עס זאָל מיך ניט
בעטריבען! אונד גאָט האָט צו איהם
געלאָזט קומען דאָס װאָס ער האָט
געבעטען:
11 אונד כּלוב דער ברודער פון שוחה
האָט געװאונען דעם מחיר, ער איז
דער פאָטער פון אשתּון:
12 אונד אשתּון האָט געװאונען דעם
בית רפא, אונד דעם פּסח, אונד דעם
תּחנה דער פאָטער פון עיר נחש,
דיא דאָזיגע זענען דיא לייט פון רכה:
13 אונד דיא זיהן פון קנז זענען
געװעזען, עתניאל אונד שׂריה, אונד
דיא זיהן פון עתניאל חתת:
14 אונד מעונותי האָט געװאונען דעם
עפרה, אונד שׂריה האָט געװאונען
דעם יואב דער פאָטער פון דעם
טהאל פון דיא מייסטערס, װאָרין זייא
זענען געװעזען מייסטערס:
15 אונד דיא זיהן פון כּלב בן־יפנה
זענען געװעזען, עירו, אילה אונד
נעם, אונד דיא זיהן פון אלה אונד
קנז:
16 אונד דיא זיהן פון יהללאל זענען
געװעזען זיף, אונד זיפה, תּיריא אונד
אשׂראל:
17 אונד דיא זיהן פון עזרא יתר אונד
מרד, אונד עפר, אונד ילון; אונד זיא
האָט געװאונען דיא מרים אונד דעם
שמי, אונד דעם ישבח דער פאָטער
פון אשתּמוע:
18 אונד זיין װייב דיא יהדיה האָט
געבוירען דעם ירד דער פאָטער פון
גדור, אונד דעם חבר דער פאָטער
פון שוכו, אונד דעם יקותיאל דער
פאָטער פון זנוח, אונד דיא דאָזיגע
זענען געװעזען דיא זיהן פון בתיה
דיא טאָכטער פון פּרעוה װאָס מרד
האָט זיך גענומען:
19 אונד דיא זיהן פון זיין װייב
הודיה, דיא שװעסטער פון נחם פאָטער
פון קעילה דער גרמי, אונד אשתּמוע
דער מעכתי:
20 אונד דיא זיהן פון שימון זענען
געװעזען אמנון, אונד רנה, בן־חנן,
אונד תילון, אונד דיא זיהן פון ישעי
זוחת, אונד בן־זוחת:
21 דיא זיהן פון שלה דער זוהן פון
יהודה זענען געװעזען ער דער פאָטער
פון לכה, אונד לעדה דער פאָטער
פון מרשה, אונד דיא משפּחות פון
דעם הויזגעזינד פון דיא װאָס האָבען
געאַרבייט אין פיינע ליינען, פאַר דעם
הויזגעזינד פון אשבע:
22 אונד יוקים, אונד דיא לייט פון
כּזבא, אונד יואש, אונד שׂרף װאָס
זענען געװעזען הארען איבער מואב,
אונד ישבי לחם, אונד דאָס זענען
אַלטע רייד (אָדער זאַכען):
23 זייא זענען געװעזען דיא טעפּערס,
אונד זייא האָבען געװאוינט צװישען
דיא פּלאַנצען אונד בייא דיא צוימען,
דאָרטען האָבען זייא געװאוינט מיט
דעם מלך פון װעגען זיינע אַרבייט:
24 דיא זיהן פון שמעון זענען געװע־
זען נמואל, אונד ימין, יריב, זרח,
אונד שאול:
25 שלם זיין זוהן, מבשׂם זיין זוהן,
משמע זיין זוהן:

26 אונד דיא זיהן פון מִשְׁמָע, חַמּוּאֵל זיין זוהן, זַכּוּר זיין זוהן, שִׁמְעִי זיין זוהן׃

27 אונד שִׁמְעִי האָט געהאַט זעכצעהן זיהן אונד זעקס טעכטער, אָבער זיינע ברידער האָבען ניט געהאַט פיל קינדער, אונד קיינער פון זייערע מִשְׁפָּחָה האָבען זיך פערמעהרט אַזוי וויא דיא קינדער פון יְהוּדָה׃

28 אונד זייא האָבען געוואוינט אין בְּאֵר־שֶׁבַע, אונד מוֹלָדָה, אונד חֲצַר שׁוּעָל׃

29 אונד אין בִּלְהָה, אונד אין עֶצֶם, אונד אין תּוֹלָד׃

30 אונד אין בְּתוּאֵל, אונד אין חָרְמָה, אונד אין צִקְלָג׃

31 אונד אין בֵּית מַרְכָּבוֹת, אונד אין חֲצַר סוּסִים, אונד אין בֵּית בִּרְאִי, אונד אין שַׁעֲרָיִם; דיא דאָזיגע זענען געוועזען זייערע שטעט ביז דָוִד האָט רעגיערט׃

32 אונד זייערע דערפער זענען געוועזען עֵיטָם, אונד עַיִן, אונד רִמּוֹן, אונד תֹּכֶן, אונד עָשָׁן, פינף שטעט׃

33 אונד אַלע וואָס זענען געוועזען רינגס אַרום דיא דאָזיגע שטעט ביז נאָך בַּעַל, דאָס זענען געוועזען זייערע וואוינונגען. אונד זענען צו זייא צוגערעכענט געוועזען׃

34 אונד מְשׁוֹבָב, אונד יַמְלֵךְ, אונד יוֹשָׁה דער זוהן פון אֲמַצְיָה׃

35 אונד יוֹאֵל, אונד יֵהוּא, דער זוהן פון יוֹשִׁבְיָה, זוהן פון שְׂרָיָה, זוהן פון עֲשִׂיאֵל׃

36 אונד אֶלְיוֹעֵינַי, יַעֲקֹבָה, אונד יְשׁוֹחָיָה, אונד עֲשָׂיָה, עֲדִיאֵל, אונד יְשִׂימִאֵל, אונד בְּנָיָה׃

37 אונד זִיזָא, זוהן פון שִׁפְעִי, זוהן פון אַלּוֹן, זוהן פון יְדָיָה, זוהן פון שִׁמְרִי, זוהן פון שְׁמַעְיָה׃

38 דיא דאָזיגע וואָס זענען אָנגעקומען דורך דיא נעמען זענען געוועזען נְשִׂיאִים אין זייערע מִשְׁפָּחוֹת, אונד דאָס הויזגעזינד פון זייערע אָבוֹת האָט זיך זעהר אויסגעשפּרייט׃

39 אונד זייא זענען אַהינגעגאַנגען אַוואו מען קומט נאָך גְּדוֹר, ביז צו דער מִזְרַח־זייט פון דעם טאָהל, כְּדֵי צו זוכען פּאַשע פאַר זייערע שאָף׃

40 אונד זייא האָבען געפונען אַ פעטע אונד גוטע פּאַשע, אונד דאָס לאַנד איז ברייט געוועזען (אַן ביידע זייטען), אונד שטיל אונד בְּשַׁלְוָה, וואָרין דיא לייט פון חָם האָבען דאָרטען פריהער געוואוינט׃

41 אונד דיא דאָזיגע וואָס זענען געוועזען איינגעשריבען נאָך זייערע נעמען, זענען געקומען אין דיא טעג פון יְחִזְקִיָּהוּ מֶלֶךְ פון יְהוּדָה, אונד זייא האָבען געשלאָגען זייערע געצעלטער אונד דיא וואוינונגען וואָס זענען דאָרטען געפונען געוואָרען, אונד זייא האָבען עס פערווייסט ביז צו דעם היינטיגען טאָג, אונד זייא האָבען אין זייער שטעל געוואוינט, וואָרין עס איז דאָרטען געוועזען פּאַשע פאַר זייערע שאָף׃

42 אונד (עטליכע) פון זייא, פון דיא זיהן פון שִׁמְעוֹן, זענען געגאַנגען צו דעם באַרג שֵׂעִיר, פינף הונדערט מאַן, פְּלַטְיָה, אונד נְעַרְיָה, אונד רְפָיָה, אונד עֻזִּיאֵל, דיא זיהן פון יִשְׁעִי אַן זייער שפּיץ (אַלס קאַפּיטאַן)׃

43 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע אֶנְטְלוֹיפֶענֶע פוּן עֲמָלֵק, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָארְט גֶעוְואוֹינְט בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃

קאפּיטעל ה

1 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן רְאוּבֵן, דֶער בְּכוֹר פוּן יִשְׂרָאֵל, וָוארִין עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער בְּכוֹר, אָבֶּער ווַייל עֶר הָאט פֶערשְׁוֶועכְט (מְחַלֵל גֶעוֶועזֶען) זַיין פָאטֶערְ׳ס בֶּעט, אַזוֹי אִיז זַיינֶע בְּכוֹרָה גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ דִיא זִיהְן פוּן יוֹסֵף, זוּהְן פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דָאס יִחוּס וֶוערְט נִיט גֶערֶעכֶענְט נָאךְ דֶער בְּכוֹרָה נָאךְ׃

2 וָוארִין יְהוּדָה הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אִיבֶּער זַיינֶע בְּרִידֶער, אַז פוּן אִיהְם זָאל אַרוֹיסְקוּמֶען דֶער מֶלֶךְ (הַמָּשִׁיחַ), אָבֶּער דִיא בְּכוֹרָה הָאט גֶעהֶערְט צוּ יוֹסֵף׃

3 דִיא זִיהְן פוּן רְאוּבֵן בְּכוֹר פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, חֲנוֹךְ, אוּנְד פַלוּא, חֶצְרוֹן, אוּנְד כַּרְמִי׃

4 דִיא זִיהְן פוּן יוֹאֵל, שְׁמַעְיָה זַיין זוּהְן גוֹג זַיין זוּהְן, שִׁמְעִי זַיין זוּהְן׃

5 מִיכָה זַיין זוּהְן, רְאָיָה זַיין זוּהְן, בַּעַל זַיין זוּהְן׃

6 בְּאֵרָה זַיין זוּהְן, וֶועמֶען תִּלְגַת פִּלְנְאֶסֶר הָאט גֶעפַאנְגֶען גֶענוּמֶען, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער נָשִׂיא פוּן רְאוּבֵן׃

7 אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער נָאךְ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת, אוּנְד נָאךְ זֵייעֶר יִחוּס נָאךְ, אוּנְד נָאךְ זֵייעֶר גֶעבּוּרְט, אוּנְד יְעִיאֵל, אוּנְד זְכַרְיָהוּ, זֶענֶען גֶערֶעכֶענְט גֶעוֶועזֶען דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע׃

8 אוּנְד בֶּלַע זוּהְן פוּן עָזָז, זוּהְן פוּן שֶׁמַע, זוּהְן פוּן יוֹאֵל, עֶר הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין עֲרוֹעֵר, בִּיז נְבוֹ אוּנְד בַּעַל־מְעוֹן׃

9 אוּנְד אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט הָאט עֶר בֶּעוְואוֹינְט בִּיז מֶען קוּמְט צוּ דִיא מִדְבָּר, אוּנְד פוּן דֶעם טֵייךְ פְּרָת, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאט פִיל פִיךְ אִין דֶעם לַאנְד גִלְעָד׃

10 אוּנְד אִין דִיא טֶעג פוּן שָׁאוּל הָאבֶּען זֵייא גֶעמַאכְט מִלְחָמָה מִיט דִיא הַגְרִיאִים, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעפַאלֶען אִין זֵיירֶע הֶענְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט אִין זֵיירֶע גֶעצֶעלְטֶער אוֹיף דֶער גַאנְצֶער זֵייט פוּן מִזְרַח אִין דֶעם לַאנְד פוּן גִלְעָד?

11 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן גָד הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט קֶעגֶענְאִיבֶּער זֵייא אִין דֶעם לַאנְד פוּן בָּשָׁן, בִּיז נָאךְ סַלְכָה׃

12 יוֹאֵל אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, אוּנְד שָׁפָם דֶער צְוֵויישֶער, אוּנְד יַעְנַי, אוּנְד שָׁפָט, אִין בָּשָׁן׃

13 אוּנְד זֵיירֶע בְּרִידֶער נָאךְ דֶעם הוֹיז פוּן זֵיירֶע אָבוֹת, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, מִיכָאֵל, אוּנְד מְשֻׁלָּם, אוּנְד שֶׁבַע, אוּנְד יוֹרַי, אוּנְד יַעְכָּן, אוּנְד זִיעַ, אוּנְד עֶבֶר, זִיבֶּען׃

14 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא זִיהְן פוּן אֲבִיחַיִל, זוּהְן פוּן חוּרִי, זוּהְן פוּן יָרוֹחַ, זוּהְן פוּן גִלְעָד, זוּהְן פוּן מִיכָאֵל, זוּהְן פוּן יְשִׁישַׁי, זוּהְן פוּן יַחְדוֹ, זוּהְן פוּן בוּז׃

15 אֲחִי דֶער זוּהְן פוּן עַבְדִיאֵל, זוּהְן פוּן גוּנִי אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶעם הוֹיז פוּן זֵיירֶע פֶעטֶער׃

16 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט אִין גִלְעָד אִין בָּשָׁן אוּנְד אִין זֵיירֶע דֶערְפֶער, אוּנְד אִין אַלֶע ווַיידֶע־פֶעלְדֶער פוּן שָׁרוֹן בֵּייא זֵיירֶע אוֹיסְגֶענְגֶע׃

אַלֶע

17 אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶערֶעכֶענְט אִין דִיא טֶעג פוּן יוֹתָם מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה, אוּנְד אִין דִיא טֶעג פוּן יָרָבְעָם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל׃

18 דִיא זִיהְן פוּן רְאוּבֵן אוּנְד גָּד, אוּנְד דֶער הַאלְבֶּער שֵׁבֶט פוּן מְנַשֶּׁה, פוּן דִיא בְּנֵי חַיִל, מֶענֶער וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען שִׁילְד אוּנְד שְׁוֶוערְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעקֶענְט שִׁיסֶען מִיט דֶעם בּוֹיגֶען, אוּנְד וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גֶעלֶערְנְט אִין דֶער מִלְחָמָה זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיעֶר אוּנְד פִירְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעכְצִיג, וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה׃

19 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט אַ מִלְחָמָה מִיט דִיא הַגְרִיאִים, אוּנְד מִיט יְטוּר, אוּנְד מִיט נָפִישׁ אוּנְד מִיט נוֹדָב׃

20 אוּנְד זֵייא זֶענֶען קֶעגֶען זֵייא גֶעהָאלְפֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא הַגְרִיאִים אוּנְד אַלֶע וָואס זֶענֶען מִיט זֵייא גֶעוֶועזֶען זֶענֶען אִין זֵייעֶרֶע הֶענְד גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן צוּ גָאט אִין דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט דֶערְבֶּעטֶען פוּן זֵייא וֵוייל זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַן אִיהְם פֶערְזִיכֶערְט׃

21 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעפַאנְגֶען גֶענוּמֶען זֵייעֶר פִיךְ אוּנְד זֵייעֶרֶע קֶעמֶעלְן פוּפְצִיג טוֹיזֶענְד, אוּנְד צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג טוֹיזֶענְד שָׁאף, אוּנְד צְוֵוייא טוֹיזֶענְד אֵייזֶעלְן, אוּנְד הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען׃

22 וָוארִין פִיל דֶערְשְׁלָאגֶענֶע זֶענֶען גֶעפַאלֶען, וֵוייל דִיא מִלְחָמָה אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִין זֵייעֶר שְׁטֶעל גֶעוָואוינְט בִּיז צוּ דֶער צַייט פוּן גָלוּת׃

23 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט פוּן מְנַשֶּׁה הָאבֶּען גֶעוָואוינְט אִין דֶעם לַאנְד, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְמֶעהְרְט פוּן בָּשָׁן בִּיז נָאךְ בַּעַל חֶרְמוֹן, אוּנְד שְׂנִיר, אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם בַּארְג חֶרְמוֹן׃

24 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם הוֹיז פוּן זֵייעֶרֶע אָבוֹת, עֵפֶר, אוּנְד יִשְׁעִי, אוּנְד אֱלִיאֵל, אוּנְד עַזְרִיאֵל, אוּנְד יִרְמְיָה, אוּנְד הוֹדַוְיָה, אוּנְד יַחְדִיאֵל, שְׁטַארְקֶע הֶעלְדֶען לֵייטֶע, אוּנְד מֶענֶער פוּן אַ (גְרוֹיסֶען) נָאמֶען, אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם הוֹיז פוּן זֵייעֶרֶע אָבוֹת׃

25 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען דֶעם גָאט פוּן זֵייעֶרֶע אָבוֹת, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ מְזַנֶּה גֶעוֶועזֶען מִיט דִיא גֶעטֶער פוּן דִיא פֶעלְקֶער פוּן דֶעם לַאנְד וָואס גָאט הָאט פֶערְטִילְגְט פַאר זֵייא׃

26 אוּנְד דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט דֶערְוֶועקְט דֶעם גֵייסְט פוּן פּוּל מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר, אוּנְד דֶעם גֵייסְט פוּן תִּלְּגַת פִּלְנֶאסֶר מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא פֶערְטְרִיבֶּען, דְהַיְינוּ רְאוּבֵן, אוּנְד גָד אוּנְד דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט פוּן מְנַשֶּׁה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּרַאכְט צוּ לַחְלַח אוּנְד חָבוֹר, אוּנְד הָרָא, אוּנְד צוּ דֶעם טַייךְ גוֹזָן בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃

27 דִיא זִיהְן פוּן לֵוִי זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, גֵּרְשׁוֹן, קְהָת אוּנְד מְרָרִי׃

28 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן קְהָת, עַמְרָם, יִצְהָר, אוּנְד חֶבְרוֹן, אוּנְד עֻזִּיאֵל׃

29 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן עַמְרָם, אַהֲרוֹן, אוּנְד מֹשֶׁה, אוּנְד מִרְיָם; אוּנְד דִיא

זִיהְן פוּן אַהֲרוֹן, נָדָב אוּנְד אֲבִיהוּא,
אֶלְעָזָר אוּנְד אִיתָמָר :
30 אֶלְעָזָר הָאט גֶעווָאוּנֶען דֶעם פִּינְחָס,
פִּינְחָס הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם אֲבִישׁוּעַ :
31 אוּנְד אֲבִישׁוּעַ הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
בֻּקִּי, אוּנְד בֻּקִּי הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
עֻזִּי :
32 אוּנְד עֻזִּי הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
זְרַחְיָה, אוּנְד זְרַחְיָה הָאט גֶעוואוּנֶען
דֶעם מְרָיוֹת :
33 אוּנְד מְרָיוֹת הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
אֲמַרְיָה, אוּנְד אֲמַרְיָה הָאט גֶעוואוּנֶען
דֶעם אֲחִיטוּב :
34 אוּנְד אֲחִיטוּב הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
צָדוֹק, אוּנְד צָדוֹק הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
אֲחִימָעַץ :
35 אוּנְד אֲחִימָעַץ הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
עֲזַרְיָה, אוּנְד עֲזַרְיָה הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
יוֹחָנָן :
36 אוּנְד יוֹחָנָן הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
עֲזַרְיָה, דֶער אִיז גֶעוועזֶען דֶער וָואס
הָאט גֶעדִינְט (אַלְס כּוֹהֵן) אִין דֶעם
בֵּית הַמִּקְדָּשׁ וָואס שְׁלֹמֹה הָאט גֶעבּוֹיעֶט
אִין יְרוּשָׁלַיִם :
37 אוּנְד עֲזַרְיָה הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
אֲמַרְיָה, אוּנְד אֲמַרְיָה הָאט גֶעוואוּנֶען
אֲחִיטוּב :
38 אוּנְד אֲחִיטוּב הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
צָדוֹק, אוּנְד צָדוֹק הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
שַׁלּוּם :
39 אוּנְד שַׁלּוּם הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
חִלְקִיָּה, אוּנְד חִלְקִיָּה הָאט גֶעוואוּנֶען
דֶעם עֲזַרְיָה :
40 אוּנְד עֲזַרְיָה הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
שְׂרָיָה, אוּנְד שְׂרָיָה הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
יְהוֹצָדָק :
41 אוּנְד יְהוֹצָדָק אִיז מִיט גֶעגַאנְגֶען
אִין גָלוּת וֶוען גָאט הָאט פֶערְטְרִיבֶּען
יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם דוּרְךְ דִיא הַאנְד
פוּן נְבֻכַדְנֶאצַר

### קאפיטעל ו

1 דִיא זִיהְן פוּן לֵוִי זֶענֶען גֶעוועזֶען,
גֵּרְשׁוֹם, קְהָת אוּנְד מְרָרִי :
2 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא נֶעמֶען
פוּן דִיא זִיהְן פוּן גֵּרְשׁוֹם, לִבְנִי אוּנְד
שִׁמְעִי :
3 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן קְהָת, עַמְרָם
אוּנְד יִצְהָר, אוּנְד חֶבְרוֹן, אוּנְד עֻזִּיאֵל :
4 דִיא זִיהְן פוּן מְרָרִי, מַחְלִי, אוּנְד
מֻשִׁי, אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא
מִשְׁפָּחוֹת פוּן לֵוִי נָאךְ זַיירֶע פֶּעטֶער :
5 פוּן גֵּרְשׁוֹם לִבְנִי זַיין זוּהְן, יַחַת זַיין
זוּהְן, זִמָּה זַיין זוּהְן :
6 יוֹאָח זַיין זוּהְן, עִדּוֹ זַיין זוּהְן, זֶרַח
זַיין זוּהְן, יְאַתְרַי זַיין זוּהְן :
7 דִיא זִיהְן פוּן קְהָת זֶענֶען גֶעוועזֶען,
עַמִּינָדָב זַיין זוּהְן, קֹרַח זַיין זוּהְן, אַסִּיר
זַיין זוּהְן :
8 אֶלְקָנָה זַיין זוּהְן, אוּנְד אֶבְיָסָף זַיין
זוּהְן, אוּנְד אַסִּיר זַיין זוּהְן :
9 תַּחַת זַיין זוּהְן, אוּרִיאֵל זַיין זוּהְן,
עֻזִּיָּה זַיין זוּהְן, אוּנְד שָׁאוּל זַיין זוּהְן :
10 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אֶלְקָנָה זֶענֶען
גֶעוועזֶען עֲמָשַׂי אוּנְד אֲחִימוֹת :
11 אוּנְד וָואס אָנְבֶּעלַאנְגְט אַן אֶלְקָנָה,
דִיא זִיהְן פוּן אֶלְקָנָה זֶענֶען גֶעוועזֶען
צוֹפַי זַיין זוּהְן, אוּנְד נַחַת זַיין זוּהְן :
12 אֱלִיאָב זַיין זוּהְן, יְרוֹחָם זַיין זוּהְן,
אֶלְקָנָה זַיין זוּהְן :
13 דִיא זִיהְן פוּן שְׁמוּאֵל, דֶער עֶרְשְׁט־
גֶעבּוֹירֶענֶער וַשְׁנִי, אוּנְד אֲבִיָּה :
14 דִיא זִיהְן פוּן מְרָרִי, מַחְלִי, לִבְנִי
זַיין זוּהְן, שִׁמְעִי זַיין זוּהְן, עֻזָּה זַיין
זוּהְן :

15 שִׁמְעָא זַיין זוּהְן, חַגִּיָה זַיין זוּהְן, עֲשָׂיָה זַיין זוּהְן:

16 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוועֶזֶען אָנְגֶעשְׁטֶעלְט פוּן דָוִיד אַלְס מְשׁוֹרְרִים אִין דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ פוּן גָאט, וָוען דֶער אָרוֹן הָאט רוּהֶע גֶעהַאט:

17 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעוועֶזֶען דִיא מְשָׁרְתִים פַאר דֶעם מִשְׁכָּן פוּן דֶעם אוֹהֶל מוֹעֵד מִיט גֶעזַאנְג, בִּיז שְׁלֹמֹה הָאט גֶעבּוֹיעֶט דָאס הוֹיז פוּן גָאט אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען נָאךְ זַייעֶר מִשְׁפָּט בַּייא זַייעֶר דִינְסְט:

18 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען מִיט זַיירֶע זִיהְן; פוּן דִיא זִיהְן פוּן קְהָת, הֵימָן דֶער מְשׁוֹרֵר, דֶער זוּהְן פוּן יוֹאֵל, דֶער זוּהְן פוּן שְׁמוּאֵל:

19 דֶער זוּהְן פוּן אֶלְקָנָה, זוּהְן פוּן יְרוֹחָם, זוּהְן פוּן אֱלִיאֵל, זוּהְן פוּן תּוֹחַ:

20 זוּהְן פוּן צוּף, זוּהְן פוּן אֶלְקָנָה, זוּהְן פוּן מַחַת, זוּהְן פוּן עֲמָשָׂי:

21 זוּהְן פוּן אֶלְקָנָה, זוּהְן פוּן יוֹאֵל, זוּהְן פוּן עֲזַרְיָה, זוּהְן פוּן צְפַנְיָה:

22 זוּהְן פוּן תַּחַת זוּהְן פוּן אַסִיר, זוּהְן פוּן אֶבְיָסָף, זוּהְן פוּן קוֹרַח:

23 זוּהְן פוּן יִצְהָר, זוּהְן פוּן קְהָת, זוּהְן פוּן לֵוִי, זוּהְן פוּן יִשְׂרָאֵל:

24 אוּנְד זַיין בְּרוּדֶער אָסָף וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בַּייא זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אָסָף דֶער זוּהְן פוּן בֶּרֶכְיָהוּ, זוּהְן פוּן שִׁמְעָא:

25 זוּהְן פוּן מִיכָאֵל, זוּהְן פוּן בַּעֲשֵׂיָה, זוּהְן פוּן מַלְכִּיָה:

26 זוּהְן פוּן אֶתְנִי, זוּהְן פוּן זֶרַח, זוּהְן פוּן עֲדָיָה:

27 זוּהְן פוּן אֵיתָן, זוּהְן פוּן זִמָּה, זוּהְן פוּן שִׁמְעִי:

28 זוּהְן פוּן יַחַת, זוּהְן פוּן גֵּרְשׁוֹם, זוּהְן פוּן לֵוִי:

29 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן מְרָרִי, זַיירֶע בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער לִינְקֶער זַייט, זֶענֶען גֶעוועֶזֶען אֵיתָן דֶער זוּהְן פוּן קִישִׁי, זוּהְן פוּן עַבְדִי, זוּהְן פוּן מַלּוּךְ:

30 זוּהְן פוּן חֲשַׁבְיָה, זוּהְן פוּן אֲמַצְיָה, זוּהְן פוּן חִלְקִיָה:

31 זוּהְן פוּן אַמְצִי, זוּהְן פוּן בָּנִי, זוּהְן פוּן שָׁמֶר:

32 זוּהְן פוּן מַחְלִי, זוּהְן פוּן מוּשִׁי, זוּהְן פוּן מְרָרִי, זוּהְן פוּן לֵוִי:

33 אוּנְד זַיירֶע בְּרִידֶער דִיא לְוִיִם, זֶענֶען בֶּעשְׁטִימְט גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם גַאנְצֶען דִינְסְט אִין דֶעם מִשְׁכָּן פוּן דֶעם הוֹיז פוּן גָאט:

34 אוּנְד אַהֲרוֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן הָאבֶּען גֶערֵיכֶערְט, אוֹיף דֶעם מִזְבַּח דָאס קָרְבָּן עוֹלָה, אוּנְד אוֹיף דֶעם מִזְבַּח פוּן דֶעם קְטוֹרֶת, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעוועֶזֶען אָנְגֶעשְׁטֶעלְט צוּ דֶער גַאנְצֶער אַרְבֵּייט אִין דֶעם קֹדֶשׁ הַקֳדָשִׁים, אוּנְד כְּדֵי מְכַפֵּר צוּ זַיין פַאר גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען:

35 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרוֹן, זַיין זוּהְן אֶלְעָזָר, זַיין זוּהְן פִּינְחָס, זַיין זוּהְן אֲבִישׁוּעַ:

36 זַיין זוּהְן בֻּקִּי, זַיין זוּהְן עֻזִּי, זַיין זוּהְן זְרַחְיָה:

37 זַיין זוּהְן מְרָיוֹת, זַיין זוּהְן אֲמַרְיָה, זַיין זוּהְן אֲחִיטוּב:

38 זַיין זוּהְן צָדוֹק, זַיין זוּהְן אֲחִימַעַץ:

39 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוועֶזֶען זַיירֶע וָואוֹינוּנְגֶען אִין זַיירֶע פַּאלַאסְטֶען אִין זַיירֶע גְרֶענְעֶצֶען, פַאר דִיא זִיהְן

פון אַהֲרן צו דִיא מִשְׁפָּחוֹת פון קְהָת, וָוארִין צו זַייא אִיז גֶעוָועזֶען דָאס גוֹרָל:

40 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צו זַייא גֶעגֶע־בֶּען חֶבְרוֹן אִין דֶעם לַאנְד פון יְהוּדָה, אוּנְד זַיירֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער רִינְגְס אַרוּם:

41 אָבֶּער דָאס פֶעלְד פון דֶער שְׁטָאט אוּנְד דִיא דֶערְפֶער דֶערְפוּן הָאבֶּען זַייא גֶעגֶעבֶּען צו כָּלֵב זוּהְן פון יְפֻנֶּה:

42 אוּנְד צו דִיא זִיהְן פון אַהֲרן הָאבֶּען זַייא גֶעגֶעבֶּען דִיא עָרֵי הַמִּקְלָט (עֶנְטְלוֹיפוּנְגְס שְׁטֶעט), דְהַיְינוּ חֶבְרוֹן, אוּנְד לִבְנָה, אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶע־צֶער, אוּנְד יַתִּר אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער, אוּנְד אֶשְׁתְּמוֹעַ, אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער:

43 אוּנְד חִילֵן אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער, אוּנְד דְבִיר אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער:

44 אוּנְד עָשָׁן אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער, אוּנְד בֵּית שֶׁמֶשׁ אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער:

45 אוּנְד פון דֶעם שֵׁבֶט בִּנְיָמִין, גֶבַע אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער, אוּנְד עַלֶמֶת אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער, אוּנְד עֲנָתוֹת אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶע־צֶער, אַלֶע זַיירֶע שְׁטֶעט וָוענֶען גֶעוָועזֶען דְרַייצֶעהְן שְׁטֶעט נָאךְ זַיירֶע מִשְׁפָּחוֹת:

46 אוּנְד צו דִיא זִיהְן פון קְהָת וָואס וָוענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פון דִיא מִשְׁפָּחוֹת פון דֶעם שֵׁבֶט, (וָוענֶען גֶעגֶעבֶּען גֶע־וָוארֶען שְׁטֶעט) פון דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט פון מְנַשֶּׁה נָאךְ דֶעם גוֹרָל נָאךְ, צֶעהְן שְׁטֶעט:

47 אוּנְד צו דִיא זִיהְן פון גֵּרְשׁוֹם, נָאךְ זַיירֶע מִשְׁפָּחוֹת, פון דֶעם שֵׁבֶט יִשָּׂשכָר, אוּנְד פון דֶעם שֵׁבֶט אָשֵׁר, אוּנְד פון דֶעם שֵׁבֶט נַפְתָּלִי, אוּנְד פון דֶעם שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה, אִין בָּשָׁן, דְרַייצֶעהְן שְׁטֶעט:

84 צו דִיא זִיהְן פון מְרָרִי נָאךְ זַיירֶע מִשְׁפָּחוֹת, אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען פון דֶעם שֵׁבֶט רְאוּבֵן אוּנְד פון דֶעם שֵׁבֶט גָּד, אוּנְד פון דֶעם שֵׁבֶט זְבֻלוּן, נָאךְ דֶעם גוֹרָל צְוֶועלְף שְׁטֶעט:

49 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פון יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען צו דִיא לְוִיִּם, דִיא שְׁטֶעט מִיט זַיירֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער:

50 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ דֶעם גוֹרָל פון דֶעם שֵׁבֶט פון דִיא קִינְדֶער פון יְהוּדָה, אוּנְד פון דֶעם שֵׁבֶט פון דִיא קִינְדֶער פון שִׁמְעוֹן, אוּנְד פון דֶעם שֵׁבֶט פון דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִין, דִיא דָאזִיגֶע שְׁטֶעט וָואס זַייא הָאבֶּען דִיא אָנְגֶערוּפֶען נָאךְ זַיירֶע נֶעמֶען:

51 אוּנְד פַאר דִיא מִשְׁפָּחוֹת פון דִיא זִיהְן פון קְהָת, זַיירֶע גְרֶענְעצֶען פון דִיא שְׁטֶעט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פון דֶעם שֵׁבֶט אֶפְרָיִם:

52 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צו זַייא גֶעגֶע־בֶּען דִיא עָרֵי הַמִּקְלָט (עֶנְטְלוֹיפוּנְגְס שְׁטֶעט), דְהַיְינוּ שְׁכֶם אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער אִין דֶעם בַּארְג פון אֶפְרָיִם, אוּנְד גֶזֶר אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער:

53 אוּנְד יָקְמְעָם אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער, אוּנְד בֵּית חוֹרוֹן אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער:

54 אוּנְד אַיָּלוֹן אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער, אוּנְד גַּת־רִימּוֹן אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער:

55 אוּנְד פון דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט

מְנַשֶּׁה, עָנֵר אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער, אוּנְד בִּלְעָם אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער, פַאר דִיא אִיבְּרִיגֶע מִשְׁפָּחוֹת פוּן דִיא זִיהְן פוּן קְהָת:

56 צוּ דִיא זִיהְן פוּן גֵרְשׁוֹם, פוּן דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט פוּן מְנַשֶּׁה, (אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען), גוֹלָן אִין בָּשָׁן אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער, אוּנְד עַשְׁתָּרוֹת אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער:

57 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט יִשָּׂשכָר, קֶדֶשׁ אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער, אוּנְד דָּבְרַת אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער:

58 אוּנְד רָאמוֹת אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער, אוּנְד עָנֵם אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער:

59 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט אָשֵׁר, מָשָׁל אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער, אוּנְד עַבְדוֹן אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער:

60 אוּנְד חוּקוֹק אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער, אוּנְד רְחוֹב אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער:

61 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט נַפְתָּלִי, קֶדֶשׁ אִין גָלִיל אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער, אוּנְד חַמּוֹן אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער, אוּנְד קִרְיָתַיִם אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער:

62 צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע זִיהְן פוּן מְרָרִי אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם שֵׁבֶט זְבֻלוּן רִמּוֹן אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער, אוּנְד תָּבוֹר אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער:

63 אוּנְד אַן דֶער אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן דֶעם יַרְדֵן, אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט פוּן דֶעם יַרְדֵן (אִיז צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען) פוּן דֶעם שֵׁבֶט רְאוּבֵן בֶּצֶר אִין דֶער מִדְבָּר אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער, אוּנְד יַהְצָה אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער:

64 אוּנְד קְדֵמוֹת אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער, אוּנְד מֵיפַעַת אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער:

65 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט גָד, רָאמוֹת אִין גִלְעָד אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער, אוּנְד מַחֲנַיִם אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער:

66 אוּנְד חֶשְׁבּוֹן אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער, אוּנְד יַעְזֵיר אוּנְד אִיהְרֶע פְרֵייעֶ פְלֶעצֶער:

## קאפיטעל ז

1 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן יִשָּׂשכָר, תּוֹלָע, אוּנְד פוּאָה, יָשׁוּב אוּנְד שִׁמְרוֹן, (דִיא) פִיעָר:

2 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן תּוֹלָע, עֻזִּי, אוּנְד רְפָיָה, אוּנְד יְרִיאֵל, אוּנְד יַחְמַי, אוּנְד יִבְשָׂם, אוּנְד שְׁמוּאֵל, אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם הוֹיז פוּן זֵיירֶע פֶעטֶער; צוּ תּוֹלָע שְׁטַארְקֶע חַיִל'ס לֵייט נָאךְ זֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער; זֵיירֶע צָאהְל אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא טֶעג פוּן דָוִד צְוַוייא אוּנְד צְוַאנְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד זֶעכְס הוּנְדֶערְט:

3 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן עֻזִּי, יִזְרַחְיָה, אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יִזְרַחְיָה, מִיכָאֵל, אוּנְד עוֹבַדְיָה, אוּנְד יוֹאֵל, יִשִּׁיָּה, אִים גַאנְצֶען פִינְף אוֹיבֶּערְשְׁטֶע:

4 אוּנְד מִיט זֵייא, נָאךְ זֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דֶעם הוֹיז פוּן זֵיירֶע אָבוֹת זֶענֶען גֶעוֶועזֶען חַיָילוֹת פַאר דֶער מִלְחָמָה, זֶעכְס אוּנְד דְרֵייסִיג טוֹיזֶענְד, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען פֶערְמֶעהְרְט ווייבֶּער אוּנְד קִינְדֶער:

5 אוּנְד זֵיירֶע בְּרִידֶער פוּן אַלֶע מִשְׁפָּחוֹת פוּן יִשָּׂשכָר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען

שְׁטאַרְקֶע חַיִל'ס לַייט, פוּן אַלֶע וָואס
הָאבֶּען זִיךְ גֶערֶעכֶענְט זִיבֶּען אוּנְד
אַכְצִיג טויזֶענְד׃
6 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן בִּנְיָמִין, בֶּלַע,
אוּנְד בֶּכֶר, אוּנְד יְדִיעֲאֵל, דְרַייא׃
7 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן בֶּלַע, אֶצְבּוֹן,
אוּנְד עֻזִּי, אוּנְד עֻזִּיאֵל, אוּנְד יְרִימוֹת,
אוּנְד עִירִי, פִינְף; דִיא זָענֶען גֶעוָועזֶען
דִיא אויבֶּערשְׁטֶע פוּן דֶעם הויז פוּן
זַייעֶרֶע אָבוֹת, שְׁטאַרְקֶע הֶעלְדֶען, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶערֶעכֶענְט צְוַוייא אוּנְד
צְוַואנְצִיג טויזֶענְד אוּנְד פִיעֶר אוּנְד
דְרַייסִיג׃
8 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן בֶּכֶר, זְמִירָה,
אוּנְד יוֹעָשׁ, אוּנְד אֱלִיעֶזֶר, אוּנְד אֶלְיוֹעֵינַי,
אוּנְד עָמְרִי, אוּנְד יְרֵימוֹת, אוּנְד אֲבִיָּה,
אוּנְד עֲנָתוֹת, אוּנְד עָלֶמֶת, אַלֶע דִיא
דָאזִיגֶע זָענֶען גֶעוָועזֶען דִיא זִיהְן פוּן
בֶּכֶר׃
9 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶערֶעכֶענְט
נָאךְ זַייעֶרֶע גֶעבּוּרְט, דִיא אויבֶּערשְׁטֶע
פוּן דֶעם הויז פוּן זַייעֶרֶע אָבוֹת, שְׁטאַרְקֶע
הֶעלְדֶען, אוּנְד זָענֶען גֶעוֶועזֶען צְוַואנְצִיג
טויזֶענְד אוּנְד צְוַוייא הוּנְדֶערְט׃
10 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יְדִיעֲאֵל, בִּלְהָן,
אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן בִּלְהָן, יְעוּשׁ, אוּנְד
בִּנְיָמִן, אוּנְד אֵהוּד, אוּנְד כְּנַעֲנָה, אוּנְד
זֵיתָן, אוּנְד תַּרְשִׁישׁ, אוּנְד אֲחִישָׁחַר׃
11 אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זָענֶען גֶעוָועזֶען
דִיא זִיהְן פוּן יְדִיעֲאֵל פוּן דִיא אויבֶּער־
שְׁטֶע פוּן דִיא אָבוֹת, שְׁטאַרְקֶע הֶעלְדֶען,
זִיבֶּעצֶעהְן טויזֶענְד אוּנְד צְוַוייא הוּנְ־
דֶערְט וָואס זָענֶען אַרויסְגֶעגַאנְגֶען צוּ
דֶער מִלְחָמָה׃
12 אוּנְד שֻׁפִּם אוּנְד חֻפִּם זָענֶען גֶע־
וָועזֶען דִיא זִיהְן פוּן עִיר, חֻשִׁם זָענֶען
גֶעוָועזֶען דִיא זִיהְן פוּן אַחֵר׃
13 דִיא זִיהְן פוּן נַפְתָּלִי זָענֶען גֶע־
וָועזֶען יַחֲצִיאֵל, אוּנְד גוּנִי, אוּנְד יֵצֶר,
אוּנְד שַׁלּוּם, דִיא זִיהְן פוּן בִּלְהָה׃
14 דִיא זִיהְן פוּן מְנַשֶּׁה, אַשְׂרִיאֵל,
אָבֶּער זַיין קֶעבְסְ־וַוייבּ דִיא אֲרַמִּית
הָאט גֶעבּוירֶען דֶעם מָכִיר דֶעם פָאטֶער
פוּן גִּלְעָד׃
15 אוּנְד מָכִיר הָאט גֶענוּמֶען פַאר אַ
וַוייבּ דִיא שְׁוֶועסְטֶער פוּן חֻפִּם אוּנְד
שֻׁפִּם, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זַיינֶע
שְׁוֶועסְטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען מַעֲכָה, אוּנְד
דֶער נָאמֶען פוּן דֶער אַנְדֶערֶע צְלָפְחָד,
אוּנְד צְלָפְחָד הָאט גֶעהַאט טֶעכְ־
טֶער׃
16 אוּנְד מַעֲכָה דָאס וַוייבּ פוּן מָכִיר
הָאט גֶעבּוירֶען אַ זוּהְן, אוּנְד זִיא הָאט
גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען פֶּרֶשׁ, אוּנְד דֶער
נָאמֶען פוּן זַיין בְּרוּדֶער אִיז גֶעוָועזֶען
שָׁרֶשׁ, אוּנְד זַיינֶע זִיהְן אוּלָם אוּנְד
רָקֶם׃
17 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אוּלָם, בְּדָן,
דִיא דָאזִיגֶע זָענֶען גֶעוָועזֶען דִיא זִיהְן
פוּן גִּלְעָד, זוּהְן פוּן מָכִיר, זוּהְן פוּן
מְנַשֶּׁה׃
18 אוּנְד זַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער הַמּוֹלֶכֶת,
זִיא הָאט גֶעבּוירֶען דֶעם אִישְׁהוֹד,
אוּנְד אֲבִיעֶזֶר, אוּנְד מַחְלָה׃
19 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן שְׁמִידָע זָענֶען
גֶעוָועזֶען, אַחְיָן, אוּנְד שֶׁכֶם, אוּנְד לִקְחִי,
אוּנְד אֲנִיעָם׃
20 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אֶפְרַיִם זָענֶען
גֶעוָועזֶען שׁוּתֶלַח, אוּנְד בֶּרֶד זַיין זוּהְן,
אוּנְד תַחַת זַיין זוּהְן, אוּנְד אֶלְעָדָה זַיין
זוּהְן, תַחַת זַיין זוּהְן׃
21 אוּנְד זָבָד זַיין זוּהְן, אוּנְד שׁוּתֶלַח
זַיין זוּהְן, אוּנְד עֵזֶר אוּנְד, אֶלְעָד אוּנְד
דִיא לַייט פוּן גַת וָואס זָענֶען גֶעבּוירֶען

גֶעוָוארֶען אִין דֶעם לַאנְד הָאבֶען זֵייא דֶערְשְׁלָאגֶען, װייל זֵייא זֶענֶען אַרוּפּ־גֶעקוּמֶען אַװעקְצוּנֶעמֶען זֵייעֶר פִיךְ׃

22 אוּנְד זֵייעֶר פָּאטֶער אֶפְרַיִם הָאט גֶעטְרוֹיעֶרְט פִּיל טֶעג, אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִיהְם צוּ טְרֵייסְטֶען׃

23 אוּנְד עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צוּ זַיין װייבּ, אוּנְד זִיא אִיז טְרָאגֶעדִיג גֶעוָוארֶען אוּנְד זִיא הָאט גֶעוָוארֶען אַ זוּהְן, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען בְּרִיעָה, װייל עֶס אִיז שְׁלֶעכְט גֶעוָועזֶען אִין זַיין הוֹיז׃

24 אוּנְד זֵיינֶע טָאכְטֶער אִיז גֶעוָועזֶען שֶׁאֱרָה, אוּנְד זִיא הָאט גֶעבּוֹיעֶט בֵּית־חוֹרוֹן, דָאס אוּנְטֶערְשְׁטֶע אוּנְד דָאס אוֹיבֶּערְשְׁטֶע, אוּנְד אֻזֵן שֶׁאֱרָה׃

25 אוּנְד רֶפַח אִיז גֶעוָועזֶען זַיין זוּהְן, אוּנְד רֶשֶׁף זַיין זוּהְן, אוּנְד תֶלַח זַיין זוּהְן, אוּנְד תַחַן זַיין זוּהְן׃

26 לַעְדָן זַיין זוּהְן, עַמִיהוּד זַיין זוּהְן, אֱלִישָׁמָע זַיין זוּהְן׃

27 נוּן זַיין זוּהְן, יְהוֹשֻׁעַ זַיין זוּהְן׃

28 אוּנְד זֵייעֶר יְרוּשָׁה אוּנְד זֵייעֶרֶע װאוֹינוּנְג אִיז גֶעוָועזֶען בֵּית־אֵל אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער, אוּנְד אָן דֶער מִזְרַח־זַייט נַעֲרָן, אוּנְד אָן דֶער מַעֲרָב־זַייט גֶזֶר אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער, אוּנְד שְׁכֶם אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער, בִּיז נָאךְ עַזָּה אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער׃

29 אוּנְד אַן דֶער זַייט פוּן דִיא זִיהְן פוּן מְנַשֶּׁה, בֵּית־שְׁאָן אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער, תַּעְנַךְ אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער, מְגִדּוֹ אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער, דוֹר אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער, אִין דִיא דָאזִיגֶע הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט דִיא זִיהְן פוּן יוֹסֵף, דֶער זוּהְן פוּן יִשְׂרָאֵל׃

30 דִיא זִיהְן פוּן אָשֵׁר, יִמְנָה, אוּנְד יִשְׁוָה, אוּנְד יִשְׁוִי, אוּנְד בְּרִיעָה, אוּנְד שֶׂרַח זֵייעֶרֶע שְׁוֶועסְטֶער׃

31 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן בְּרִיעָה, חֶבֶר, אוּנְד מַלְכִּיאֵל, עֶר אִיז גֶעוָועזֶען דֶער פָּאטֶער פוּן בִּרְזָיִת׃

32 אוּנְד חֶבֶר הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם יַפְלֵט, אוּנְד דֶעם שׁוֹמֵר, אוּנְד דֶעם חוֹתָם, אוּנְד דִיא שׁוּעָא זֵייעֶרֶע שְׁוֶועסְטֶער׃

33 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יַפְלֵט, פָּסַךְ, אוּנְד בִּמְהָל, אוּנְד עַשְׁוָת, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן יַפְלֵט׃

34 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן שָׁמֶר, אֲחִי, אוּנְד רָהְגָּה, אוּנְד יְחֻבָּה, אוּנְד אֲרָם׃

35 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן הֵלֶם, זַיין בְּרוּדֶער, צוֹפַח, אוּנְד יִמְנָע, אוּנְד שֵׁלֶשׁ, אוּנְד עָמָל׃

36 דִיא זִיהְן פוּן צוֹפַח, סוּחַ, אוּנְד חַרְנֶפֶר, אוּנְד שׁוּעָל, אוּנְד בֵּרִי, אוּנְד יִמְרָה׃

37 בֶּצֶר, אוּנְד הוֹד, אוּנְד שַׁמָּא, אוּנְד שִׁלְשָׁה, אוּנְד יִתְרָן, אוּנְד בְּאֵרָא׃

38 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יֶתֶר, יְפֻנֶּה, אוּנְד פִּסְפָּה, אוּנְד אֲרָא׃

39 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן עֻלָּא, אָרַח, אוּנְד חַנִּיאֵל, אוּנְד רִצְיָא׃

40 אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוָועזֶען דִיא זִיהְן פוּן אָשֵׁר, אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם הוֹיז פוּן זֵייעֶרֶע אָבוֹת, אוֹיסְדֶערְוֶויילְטֶע שְׁטַארְקֶע חַיִלִים לַייט, אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא נְשִׂיאִים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶערֶעכֶענְט אִין דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד אִיהְר צָאל אִיז גֶעוָועזֶען זֶעקְס אוּנְד צְוַאנְצִיג טוֹיזֶענְד מֶענֶער׃

## קאפיטעל ח

1 אוּנְד בִּנְיָמִין הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם

בֶּלַע זַיין בְּכוֹר, אַשְׁבֵּל דֶער צְווייטֶער,
אוּנְד אַחְרַח דֶער דְרִיטֶער:
2 נוֹחָה דֶער פִירְטֶער, אוּנְד רָפָא
דֶער פִינְפְטֶער:
3 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן בֶּלַע זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען, אַדָר, אוּנְד גֵרָא, אוּנְד
אֲבִיהוּד:
4 אוּנְד אֲבִישׁוּעַ, אוּנְד נַעֲמָן, אוּנְד
אֲחוֹחַ:
5 אוּנְד גֵרָא, אוּנְד שְׁפוּפָן, אוּנְד
חוּרָם:
6 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
דִיא זִיהְן פוּן אֵחוּד, דִיזֶע זֶענֶען גֶעוֶוע־
זֶען דִיא רָאשֵׁי אָבוֹת פוּן דִיא וָואס
הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט אִין גֶבַע, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען זַייא פֶּערְטְרִיבֶּען נָאךְ מָנַחַת:
7 אוּנְד נַעֲמָן, אוּנְד אֲחִיָה, אוּנְד
גֵרָא, עֶר הָאט זַייא פֶּערְטְרִיבֶּען; אוּנְד
עֶר הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם עֻזָא, אוּנְד
דֶעם אֲחִיחֻד:
8 אוּנְד שַׁחֲרַיִם הָאט גֶעוְואוּנֶען קִינְ־
דֶער אִין דֶעם פֶעלְד פוּן מוֹאָב
נָאכְדֶעם עֶר הָאט זַייא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט,
חוּשִׁים אוּנְד בַּעֲרָא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
זַיינֶע ווייבֶּער:
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעוְואוּנֶען פוּן חוֹדֶשׁ
זַיין ווייבּ, דֶעם יוֹבָב, אוּנְד דֶעם צִבְיָה,
אוּנְד דֶעם מֵישָׁא, אוּנְד דֶעם מַלְכָּם:
10 אוּנְד דֶעם יְעוּץ, אוּנְד דֶעם
שָׂכְיָה, אוּנְד דֶעם מִרְמָה, דִיא דָאזִיגֶע
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זַיינֶע זִיהְן, רָאשֵׁי
אָבוֹת:
11 אוּנְד מֵחֻשִׁים הָאט גֶעוְואוּנֶען
דֶעם אֲבִיטוּב, אוּנְד דֶעם אֶלְפַּעַל:
12 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אֶלְפַּעַל, עֶבֶר,
אוּנְד מִשְׁעָם, אוּנְד שֶׁמֶר; עֶר הָאט
גֶעבּוֹיעֶט אוֹנוֹ אוּנְד לוֹד, אוּנְד אִיהְרֶע
דֶערְפֶער:
13 אוּנְד בְּרִעָה, אוּנְד שֶׁמַע, זַייא
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא רָאשֵׁי אָבוֹת פוּן
דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן אַיָלוֹן, זַייא הָאבֶּען
גֶעמַאכְט אֶנְטלוֹיפֶען דִיא בֶּעוְואוֹינֶער
פוּן גַת:
14 אוּנְד אַחְיוֹ, אוּנְד שָׁשַׁק, אוּנְד
יְרֵמוֹת:
15 אוּנְד זְבַדְיָה, אוּנְד עֲרָד, אוּנְד
עָדֶר:
16 אוּנְד מִיכָאֵל, אוּנְד יִשְׁפָּה, אוּנְד
יוֹחָא, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא זִיהְן פוּן
בְּרִיעָה:
17 אוּנְד זְבַדְיָה, אוּנְד מְשֻׁלָּם, אוּנְד
חִזְקִי, אוּנְד חָבֶר:
18 אוּנְד יִשְׁמְרַי, אוּנְד יִזְלִיאָה, אוּנְד
יוֹבָב, דִיא זִיהְן פוּן אֶלְפָּעַל:
19 אוּנְד יָקִים, אוּנְד זִכְרִי, אוּנְד
זַבְדִי:
20 אוּנְד אֱלִיעֵינַי, אוּנְד צִלְּתַי, אוּנְד
אֱלִיאֵל:
21 אוּנְד עֲדָיָה, אוּנְד בְּרָאיָה, אוּנְד
שִׁמְרָת, דִיא זִיהְן פוּן שִׁמְעִי:
22 אוּנְד יִשְׁפָּן, אוּנְד עֵבֶר, אוּנְד
אֱלִיאֵל:
23 אוּנְד עַבְדוֹן, אוּנְד זִכְרִי, אוּנְד
חָנָן:
24 אוּנְד חֲנַנְיָה, אוּנְד עֵילָם, אוּנְד
עַנְתוֹתִיָה:
25 אוּנְד יִפְדְיָה, אוּנְד פְּנִיאֵל, דִיא
זִיהְן פוּן שָׁשָׁק:
26 אוּנְד שַׁמְשְׁרַי, אוּנְד שְׁחַרְיָה, אוּנְד
עֲתַלְיָה:
27 אוּנְד יַעֲרֶשְׁיָה, אוּנְד אֵלִיָה, אוּנְד
זִכְרִי, דִיא זִיהְן פוּן יְרוֹחָם:
28 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא
רָאשֵׁי אָבוֹת נָאךְ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער,

אויבֶערשְׁטֶע, דִיזֶע הָאבֶּען גֶעווָאוינְט אִין יְרוּשָׁלַיִם׃

29 אוּנְד אִין גִבְעוֹן הָאט גֶעווָאוינְט דֶער פָּאטֶער פוּן גִבְעוֹן, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זַיין וַוייבּ אִיז גֶעוֶועזֶען מַעֲכָה׃

30 אוּנְד זַיין עֶרְשְׁטגֶעבּוירֶענֶער זוּהְן אִיז גֶעוֶועזֶען עַבְדוֹן, אוּנְד צוּר, אוּנְד קִישׁ, אוּנְד בַּעַל, אוּנְד נָדָב׃

31 אוּנְד גְדוֹר, אוּנְד אַחְיוֹ, אוּנְד זָכֶר׃

32 אוּנְד מִקְלוֹת הָאט גֶעווָאוּנֶען דֶעם שִׁמְאָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעווָאוינְט קֶעגֶענְאִיבֶּער זַייעֶרֶע בְּרִידֶער, אִין יְרוּשָׁלַיִם מִיט זַייעֶרֶע בְּרִידֶער׃

33 אוּנְד נֵר הָאט גֶעווָאוּנֶען דֶעם קִישׁ, אוּנְד קִישׁ הָאט גֶעווָאוּנֶען דֶעם שָׁאוּל, אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעווָאוּנֶען דֶעם יְהוֹנָתָן, אוּנְד מַלְכִּי־שׁוּעַ, אוּנְד אֲבִינָדָב, אוּנְד אֶשְׁבָּעַל׃

34 אוּנְד דֶער זוּהְן פוּן יְהוֹנָתָן אִיז גֶעוֶועזֶען מְרִיב בַּעַל, אוּנְד מְרִיב בַּעַל הָאט גֶעווָאוּנֶען דֶעם מִיכָה׃

35 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן מִיכָה זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, פִּתוֹן, אוּנְד מֶלֶךְ, אוּנְד תַּאְרֵעַ, אוּנְד אָחָז׃

36 אוּנְד אָחָז הָאט גֶעווָאוּנֶען דֶעם יְהוֹעַדָּה, אוּנְד יְהוֹעַדָּה הָאט גֶעווָאוּנֶען עָלֶמֶת, אוּנְד עַזְמָוֶת, אוּנְד זִמְרִי, אוּנְד זִמְרִי הָאט גֶעווָאוּנֶען מוֹצָא׃

37 אוּנְד מוֹצָא הָאט גֶעווָאוּנֶען בִּנְעָה, רָפָה זַיין זוּהְן, אֶלְעָשָׂה זַיין זוּהְן, אָצֵל זַיין זוּהְן׃

38 אוּנְד אָצֵל הָאט גֶעהַאט זֶעכְּס זִיהְן, אוּנְד דִיזֶעס זֶענֶען זַייעֶרֶע נֶעמֶען, עַזְרִיקָם, בֹּכְרוּ, אוּנְד יִשְׁמָעֵאל, אוּנְד שְׁעַרְיָה, אוּנְד עוֹבַדְיָה, אוּנְד חָנָן, אַלֶע דִיזֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא זִיהְן פוּן אָצֵל׃

39 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן זַיין בְּרוּדֶער עֵשֶׁק זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, אוּלָם זַיין עֶרְשְׁטגֶעבּוירֶענֶער, יְעוּשׁ דֶער צְווייטֶער, אוּנְד אֱלִיפֶלֶט דֶער דְרִיטֶער׃

40 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אוּלָם זֶענֶען גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְקֶע חַיִל'ס לֵייט, וָואס הָאבֶּען גֶעקֶענְט שְׁפַּאנֶען (שִׁיסֶען) מִיט דֶעם בּוֹיגֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעהַאט פִיל זִיהְן, אוּנְד זִיהְנ'ס זִיהְן, הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג, אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא זִיהְן פוּן בִּנְיָמִין׃

קאפיטעל ט

1 אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט, אוּנְד זֶעה, זַייא זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד יְהוּדָה אִיז אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט גֶעוָוארֶען אִין גָלוּת נָאךְ בָּבֶל וֶועגֶען זַייעֶרֶע זִינְד׃

2 אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע בֶּעווָאוינֶערְס וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין אִיהְר בֶּעזִיץ אִין זַייעֶרֶע שְׁטֶעט, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען יִשְׂרָאֵל, דִיא כּוֹהֲנִים, דִיא לְוִיִם, אוּנְד דִיא נְתִינִים׃

3 אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען גֶעווָאוינְט פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה, אוּנְד פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן בִּנְיָמִין, אוּנְד פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן אֶפְרַיִם אוּנְד מְנַשֶּׁה׃

4 עוּתַי, זוּהְן פוּן עַמִיהוּד, זוּהְן פוּן עָמְרִי, זוּהְן פוּן אִמְרִי, זוּהְן פוּן בָּנִימִן, פוּן דִיא זִיהְן פוּן פֶּרֶץ זוּהְן פוּן יְהוּדָה׃

5 אוּנְד פוּן דֶעם שִׁילוֹנִי עֲשָׂיָה דֶער עֶרְשְׁטגֶעבּוירֶענֶער, אוּנְד זַיינֶע זִיהְן׃

6 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן זֶרַח יְעוּאֵל אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער, זֶעכְּס הוּנְדֶערְט אוּנְד נַיינְצִיג׃

7 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן בִּנְיָמִין,

סַלוּא זוהְן פוּן מְשֻׁלָּם, זוהְן פוּן הוֹדַוְיָה, זוהְן פוּן הַסְּנֻאָה׃
8 אוּנְד יִבְנְיָה זוהְן פוּן יְרוֹחָם, אוּנְד אֵלָה זוהְן פוּן עֻזִּי, זוהְן פוּן מִכְרִי, אוּנְד מְשֻׁלָּם זוהְן פוּן שְׁפַטְיָהוּ, זוהְן פוּן רְעוּאֵל, זוהְן פוּן יִבְנִיָּה׃
9 אוּנְד זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, נָאךְ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, נַיין הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעכְס אוּנְד פוּפְצִיג; אַלֶע דִיזֶע מֶענֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען רָאשֵׁי אָבוֹת צוּ דֶעם הויז פוּן זֵייעֶרֶע פֶעטֶער׃
10 אוּנְד פוּן דִיא כּוֹהֲנִים, יְדַעְיָה, אוּנְד יְהוֹיָרִיב, אוּנְד יָכִין׃
11 אוּנְד עֲזַרְיָה זוהְן פוּן חִלְקִיָּה, זוהְן פוּן מְשֻׁלָּם, זוהְן פוּן צָדוֹק, זוהְן פוּן מְרָיוֹת, זוהְן פוּן אֲחִיטוּב, דֶער נָגִיד (בֶּעפֶעהְלֶער) אִיבֶּער דֶעם הויז פוּן גָאט׃
12 אוּנְד עֲדָיָה זוהְן פוּן יְרוֹחָם, זוהְן פוּן פַּשְׁחוּר, זוהְן פוּן מַלְכִּיָּה, אוּנְד מַעְשַׂי זוהְן פוּן עֲדִיאֵל, זוהְן פוּן יַחְזֵרָה, זוהְן פוּן מְשֻׁלָּם, זוהְן פוּן מְשִׁלֵּמִית, זוהְן פוּן אִמֵּר׃
13 אוּנְד זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, אויבֶּערשְׁטֶע פוּן דֶעם הויז פוּן זֵייעֶרֶע אָבוֹת אֵיין טויזֶענְד אוּנְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעכְצִיג שְׁטַארְקֶע חַיִל'ס לֵייט, וָואס הָאבֶּען גֶעטְהוּן דִיא מְלָאכָה פוּן דֶעם דִינְסְט אִין דֶעם הויז פוּן גָאט׃
14 אוּנְד פוּן דִיא לְוִיִּם, שְׁמַעְיָה זוהְן פוּן חַשּׁוּב, זוהְן פוּן עַזְרִיקָם, זוהְן פוּן חֲשַׁבְיָה, פוּן דִיא זִיהְן פוּן מְרָרִי׃
15 אוּנְד בַּקְבַּקַּר, חֶרֶשׁ, אוּנְד גָּלָל, אוּנְד מַתַּנְיָה זוהְן פוּן מִיכָה, זוהְן פוּן זִכְרִי, זוהְן פוּן אָסָף׃
16 אוּנְד עוֹבַדְיָה זוהְן פוּן שְׁמַעְיָה, זוהְן פוּן גָּלָל, זוהְן פוּן יְדוּתוּן, אוּנְד בֶּרֶכְיָה זוהְן פוּן אָסָא, זוהְן פוּן אֶלְקָנָה, וָואס הָאט גֶעווָאוינְט אִין דִיא דֶערְפֶער פוּן דִיא נְטוֹפָתִי׃
17 אוּנְד דִיא טויעֶר־הִיטֶערְס, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען שַׁלּוּם, אוּנְד עַקּוּב, אוּנְד טַלְמוֹן, אוּנְד אֲחִימָן, אוּנְד זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, שַׁלּוּם אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער אויבֶּער־שְׁטֶער׃
18 וָוארִין בִּיז אַצוּנְד זֶענֶען זֵייא גֶע־וֶועזֶען אִין דֶעם קֶענִיג'ס טויעֶר אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט, זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא טויעֶר־הִיטֶערְס צוּ דִיא מַחֲנוֹת פוּן דִיא בְּנֵי לֵוִי׃
19 אוּנְד שַׁלּוּם דֶער זוהְן פוּן קוֹרֵא, זוהְן פוּן אֶבְיָסָף, זוהְן פוּן קֹרַח, אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער פוּן דֶעם הויזְגֶעזִינְד פוּן זֵיין פָאטֶער, דִיא קָרְחִים זֶענֶען גֶעוֶוע־זֶען אִיבֶּער דִיא מְלָאכָה פוּן דֶעם דִינְסְט פוּן דִיא שְׁוֶועל־הִיטֶערְס פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט, אוּנְד זֵייעֶרֶע פֶעטֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דִיא מַחֲנֶה פוּן גָאט, אוּנְד זֶענֶען גֶעוֶועזֶען הִיטֶערְס פוּן דֶעם אֵיינְגַאנְג׃
20 אוּנְד פִּינְחָס זוהְן פוּן אֶלְעָזָר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ נָגִיד אִיבֶּער זֵייא פְרִיהֶער, אוּנְד גָאט אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען׃
21 זְכַרְיָה זוהְן פוּן מְשֶׁלֶמְיָה אִיז גֶע־וֶועזֶען דֶער טִיעֶר־הִיטֶער פוּן דֶעם אוֹהֶל מוֹעֵד׃
22 אַלֶע אויסְדֶערְוֶוילְטֶע פַאר דִיא הִיטֶערְ'ס פוּן דִיא שְׁוֶועל, זֶענֶען גֶע־וֶועזֶען צְווייא הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוֶועלְף, זֵייא זֶענֶען גֶערֶעכֶענְט גֶעוָוארֶען נָאךְ זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער, וָואס דָוִיד אוּנְד שְׁמוּאֵל דֶער זֶעהֶער (נָבִיא) הָאט זֵייא אַנְגֶע־שְׁטֶעלְט אִין זֵייעֶרֶע טְרֵייהֵייט׃
23 אוּנְד זֵייא אוּנְד זֵייעֶרֶע זִיהְן זֶענֶען

גֶעוועזען

גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעשְׁטֶעלְט אִיבֶּער דִיא טוֹיעֶרְן פוּן גָאטְ'ס הוֹיז, אוּנְד פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט אִין דִיא הִיטוּנְג:

24 אִין אַלֶע פִיעֶר זַייטֶען זָאלְטֶען זַיין דִיא הִיטֶערְס, אַן דֶער מִזְרַח־זַייט, מַעֲרָב־זַייט, צָפוֹן־זַייט אוּנְד דָרוֹם־זַייט:

25 אוּנְד זַיירֶע בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען אִין דִיא דֶערְפֶער, זָאלֶען קוּמֶען נָאךְ זִיבֶּען טֶעג, פוּן צַייט צוּ צַייט מִיט דִיא דָאזִיגֶע:

26 וָוארִין אִין דֶער גֶעטְרַייעֶן שְׁטֶעל זֶענֶען זַייא גֶעוֶועזֶען דִיא פִיעֶר שְׁטַארְקֶע טוֹיעֶר־הִיטֶער'ס, זַייא זֶענֶען דִיא לְוִיִם, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דִיא קַאמֶערְן, אוּנְד אִיבֶּער דִיא אוֹצְרוֹת פוּן גָאטְ'ס הוֹיז:

27 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶענֶעכְטִיגְט רִינְגְס אַרוּם פוּן גָאטְ'ס הוֹיז, ווייל אוֹיף זַייא אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא הִיטוּנְג, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעמוּזְט אוֹיפְמַאכֶען אִיטְלִיכֶען פְרִיהְמָארְגֶען:

28 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן זַייא הָאבֶּען אוּנְטֶער זִיךְ גֶעהַאט דִיא דִינְסְט־כֵּלִים, וָוארִין מִיט דֶער צָאל הָאבֶּען זַייא זַייא אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד מִיט דֶער צָאל הָאבֶּען זַייא זַייא ווידֶער אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט:

29 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן זַייא זֶענֶען אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעשְׁטֶעלְט אִיבֶּער דִיא כֵּלִים, אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע כֵּלִים פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד אִיבֶּער דֶעם מֶעהְל, אוּנְד דֶעם וויין, אוּנְד דֶעם אֵייל, אוּנְד דֶעם וַוייהְרוֹיךְ אוּנְד דִיא בְּשָׂמִים:

30 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא זִיהְן פוּן דִיא כּוֹהֲנִים הָאבֶּען צוּגֶעבְּרַייט דִיא מִישׁוּנְג פַאר דִיא בְּשָׂמִים:

31 אוּנְד מַתִּתְיָה אֵיינֶער פוּן דִיא לְוִיִם, אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער בְּכוֹר פוּן שַׁלֻּם דֶער קָרְחִי, עֶר הָאט גֶעהַאט דִיא גֶעטְרַייעֶ שְׁטֶעל פוּן דֶער אַרְבֵּייט וָואס אִיז גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען אִין דִיא בַּאק־פַאנֶען:

32 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא זִיהְן פוּן קְהָת, פוּן זַיירֶע בְּרִידֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דֶעם בְּרוֹיט (לֶחֶם הַפָּנִים), כְּדֵי זַייא זָאלֶען עֶס אָנְגְרֵייטֶען אִיטְלִיכֶען שַׁבָּת:

33 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא מְשׁוֹרְרִים, פוּן דִיא רָאשֵׁי אָבוֹת פוּן דִיא לְוִיִם, וָואס זֶענֶען אִין דִיא קַאמֶערְן, זַייא זֶענֶען פָּטוּר גֶעוֶועזֶען, ווייל זַייא זֶענֶען בֶּעשֶׁעפְטִיגְט גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דֶער מְלָאכָה טָאג אוּנְד נַאכְט:

34 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא רָאשֵׁי אָבוֹת פוּן דִיא לְוִיִם נָאךְ זַיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער אוּנְד אוֹיבֶּערְשְׁטֶע, דִיא דָאזִיגֶע הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט אִין יְרוּשָׁלַיִם:

35 אוּנְד אִין גִבְעוֹן הָאט גֶעוְואוֹינְט דֶער פָאטֶער פוּן גִבְעוֹן, יְעִיאֵל, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זַיין ווייב אִיז גֶעוֶועזֶען מַעֲכָה:

36 אוּנְד זַיין עֶרְשְׁטְגֶעבּוֹירֶענֶער זִיהְן עַבְדוֹן, אוּנְד צוּר, אוּנְד קִישׁ, אוּנְד בַּעַל, אוּנְד נֵר, אוּנְד נָדָב:

37 אוּנְד גְדוֹר, אוּנְד אַחְיוֹ, אוּנְד זְכַרְיָה, אוּנְד מִקְלוֹת:

38 אוּנְד מִקְלוֹת הָאט גֶעוְואוּנֶען דֶעם שִׁמְאָם, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעוְואוֹינְט קֶעגֶענְאִיבֶּער זַיירֶע בְּרִידֶער אִין יְרוּשָׁלַיִם מִיט זַיירֶע בְּרִידֶער:

39 אוּנְד נֵר הָאט גֶעוְואוּנֶען קִישׁ,



אונד

אוּנְד קִישׁ הָאט גֶעוואוּנֶען שָׁאוּל, אוּנְד
שָׁאוּל הָאט גֶעוואוּנֶען יְהוֹנָתָן, אוּנְד
מַלְכִּי־שׁוּעַ, אוּנְד אֲבִינָדָב, אוּנְד אֶשְׁבָּעַל:
40 אוּנְד דֶער זוּהְן פוּן יְהוֹנָתָן מְרִיב
בָּעַל, אוּנְד מְרִי־בָעַל הָאט גֶעוואוּנֶען
דֶעם מִיכָה:
41 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן מִיכָה, פִּיתוֹן,
אוּנְד מֶלֶךְ, אוּנְד תַּחְרֵעַ:
42 אוּנְד אָחָז הָאט גֶעוואוּנֶען יַעְרָה,
אוּנְד יַעְרָה הָאט גֶעוואוּנֶען עָלֶמֶת,
אוּנְד עַזְמָוֶת, אוּנְד זִמְרִי, אוּנְד זִמְרִי
הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם מוֹצָא:
43 אוּנְד מוֹצָא הָאט גֶעוואוּנֶען דֶעם
בִּנְעָא, אוּנְד רְפָיָה זֵיין זוּהְן, אֶלְעָשָׂה
זֵיין זוּהְן, אוּנְד אָצֵל זֵיין זוּהְן:
44 אוּנְד אָצֵל הָאט גֶעהַאט זֶעקְס
זִיהְן, אוּנְד דָאס זֶענֶען זֵייעֶרֶע נֶעמֶען,
עַזְרִיקָם, בֹּכְרוּ אוּנְד יִשְׁמָעֵאל, אוּנְד
שְׁעַרְיָה, אוּנְד עוֹבַדְיָה, אוּנְד חָנָן, דִיא
דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא זִיהְן פוּן
אָצֵל:

## קאפיטעל י

1 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען מִלְחָמָה
גֶעהַאלְטֶען מִיט יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיטְלִי־
כֶער מַאן פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז עֶנְטְלָאפֶען
גֶעוָוארֶען פַאר דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען גֶעפַאלֶען דֶערְשְׁלָאגֶען אוֹיף
דֶעם בַּארְג גִּלְבֹּעַ:
2 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶען זִיךְ
בֶּעהֶעפְט הִינְטֶער שָׁאוּל אוּנְד הִינְטֶער
זֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען
גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם יוֹנָתָן אוּנְד דֶעם
אֲבִינָדָב, אוּנְד דֶעם מַלְכִּי־שׁוּעַ, דִיא
זִיהְן פוּן שָׁאוּל:
3 אוּנְד דִיא מִלְחָמָה אִיז גֶעוֶועזֶען
שְׁוֶוער קֶעגֶען שָׁאוּל, אוּנְד דִיא שִׁיסֶער'ס
הָאבֶּען אִיהְם גֶעטְרָאפֶען מִיט דֶעם
בּוֹיגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעצִיטֶערְט פַאר
דִיא שִׁיסֶער'ס:
4 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיין
וָואפֶענְטְרֶעגֶער, צִיה אַרוֹיס דֵיין שְׁוֶוערְט
אוּנְד דֶערְשְׁטֶעךְ מִיךְ דֶערְמִיט, כְּדֵי
דִיא דָאזִיגֶע עֲרֵלִים זָאלֶען נִיט קוּמֶען
אוּנְד אִיבֶּער מִיר שְׁפֶּעטֶען, אָבֶּער זֵיין
וָואפֶענְטְרֶעגֶער הָאט נִיט גֶעוָואלְט.
וָוארִין עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט, אַזוֹי
הָאט שָׁאוּל אַלֵיין גֶענוּמֶען דָאס שְׁוֶוערְט
אוּנְד עֶר אִיז דַארוֹיף גֶעפַאלֶען:
5 אוּנְד וֶוען זֵיין וָואפֶענְטְרֶעגֶער הָאט
גֶעזֶעהֶען אַז שָׁאוּל אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיךְ גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶעם
שְׁוֶוערְט אוּנְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען:
6 אַזוֹי אִיז שָׁאוּל אוּנְד זֵיינֶע דְרֵייא
זִיהְן אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעס הוֹיזְגֶעזִינְד
צוּזַאמֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען:
7 אוּנְד וֶוען אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן
יִשְׂרָאֵל וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
טָהָאל הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז זֵייא זֶענֶען
עֶנְטְלָאפֶען, אוּנְד דָאס שָׁאוּל אוּנְד
זֵיינֶע זִיהְן זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא פֶערְלָאזֶען זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט
אוּנְד זֶענֶען אוֹיךְ עֶנְטְלָאפֶען, אוּנְד
דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אִין זֵייא גֶעוואוֹינְט:
8 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ מָארְגֶענְ'ס
וֶוען דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען
דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע אוֹיסְצוּטְהוּן, אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא גֶעפוּנֶען אַז שָׁאוּל אוּנְד
זֵיינֶע זִיהְן זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶעם
בַּארְג גִּלְבֹּעַ:
9 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אָפְּגֶעצוֹי־
גֶען, אוּנְד אַוֶועקְגֶענוּמֶען זֵיין קָאפּ
אוּנְד זֵיינֶע כְּלֵי־זַיִן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
עֶס אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט צוּ דֶעם לַאנְד

פְּלִשְׁתִּים, כְּדֵי עֶס רִינְגְּס אַרוּם מְבַשֵׂר
צוּ זַיין צוּ זֵייעֶרֶע גֶעצֶען אוּנְד צוּ דֶעם
פָאלְק׃

10 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרֵיינְגֶעלֵייגְט
זֵיינֶע כְּלֵי־זַיִן אִין דֶעם הוֹיז פוּן זֵייעֶרֶע
אָפְּגֶעטֶער, אָבֶּער זַיין קָאפּ (שֵׁייטֶעל)
הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעשְׁלָאגֶען אִין דֶעם
הוֹיז פוּן דָגוֹן׃

11 אוּנְד גַאנְץ יָבֵשׁ־גִלְעָד הָאט גֶע־
הֶערְט אַלֶעס וָואס דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען
גֶעטְהוּן צוּ שָׁאוּל׃

12 אַזוֹי זֶענֶען אַלֶע חַיִל'ס־לֵייט אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַוֶועקְגֶענוּמֶען
דֶעם גוּף פוּן שָׁאוּל אוּנְד דִיא גוּף'ן
פוּן זֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא
גֶעבְּרַאכְט נָאךְ יָבֵשׁ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זֵייעֶרֶע בֵּיינֶער בֶּעגְרָאבֶּען הִינְטֶער אַ
לִינְדֶען־בּוֹים אִין יָבֵשׁ, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעפַאסְט זִיבֶּען טֶעג׃

13 אוּנְד אַזוֹי אִיז שָׁאוּל גֶעשְׁטָארְבֶּען
וֶועגֶען זֵיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט
גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען גָאט, אַפִּילוּ קֶעגֶען
דֶעם וָוארְט פוּן יְהוָֹה וָואס עֶר הָאט
עֶס נִיט גֶעהִיט, אוּנְד אוֹיךְ ווייל עֶר
הָאט אָנְגֶעפְרֶעגְט (דִיא עֵצָה) פוּן
כִּישׁוּף, כְּדֵי דַאדוּרְךְ נָאכְצוּפָארְשֶׁען׃

14 אוּנְד עֶר הָאט נִיט נָאכְגֶעפָארְשְׁט
בַּייא גָאט, דָארִיבֶּער הָאט עֶר אִיהְם
גֶעטֵייטֶעט, אוּנְד דִיא מְלוּכָה הָאט
אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט צוּ דָוִד דֶעם זוּהְן
פוּן יִשַׁי׃

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ פֶערְ־
זַאמֶעלְט צוּ דָוִד נָאךְ חֶבְרוֹן, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען זֶעה, מִיר זֶענֶען דַיין בֵּיין אוּנְד
דַיין פְלֵיישׁ׃

2 אוֹיךְ גֶעכְטֶען אוּנְד אֵייעֶרְגֶעכְטֶען,
וֶוען שָׁאוּל אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען מֶלֶךְ,
הָאסְט דוּא אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט אוּנְד אַרֵיינְ־
גֶעבְּרַאכְט יִשְׂרָאֵל; אוּנְד יְהוָֹה דַיין
גָאט הָאט צוּ דִיר גֶעזָאגְט, אַז דוּא
זָאלְסְט ווייידֶען (פַאשֶׁען) מַיין פָאלְק
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַיין אַ הַאר
אִיבֶּער מַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל׃

3 אוּנְד אַלֶע עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל
זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ נָאךְ
חֶבְרוֹן, אוּנְד דָוִד הָאט מִיט זֵייא כּוֹרֵת
בְּרִית גֶעוֶועזֶען אִין חֶבְרוֹן פַאר גָאט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָוִד'ן גֶעזַאלְבְּט אַלְס
אַ מֶלֶךְ אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, נָאךְ דֶעם
וָוארְט פוּן גָאט דוּרְךְ שְׁמוּאֵל׃

4 אַזוֹי אִיז דָוִד אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל
אַהִינְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, דָאס אִיז
יְבוּס, וָוארִין דָארְט הָאט דֶער יְבוּסִי
גֶעוְואוֹינְט אִין דֶעם לַאנְד׃

5 אוּנְד דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן יְבוּס
הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, דוּא זָאלְסְט
נִיט דָא אַהֶער קוּמֶען, אַזוֹי הָאט דָוִד
אֵיינְגֶענוּמֶען דִיא פֶעסְטוּנְג פוּן צִיוֹן,
דָאס אִיז דִיא שְׁטָאט פוּן דָוִד׃

6 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט, דֶער וָואס
וֶועט דִיא יְבוּסִי צוּעֶרְשְׁט שְׁלָאגֶען דֶער
זָאל זַיין אֵיין אוֹיבֶּערְשְׁטֶער אוּנְד אֵיין
הַאר; אַזוֹי אִיז יוֹאָב זוּהְן פוּן צְרוּיָה
צוּעֶרְשְׁט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעוָוארֶען דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער׃

7 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין דֶער
פֶעסְטוּנְג, דָארוּם הָאט מֶען עֶס גֶע־
רוּפֶען דִיא שְׁטָאט פוּן דָוִד׃

8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹיעֶט דִיא שְׁטָאט
רִינְגְּס אַרוּם, פוּן מִלוֹא אָן, רִינְגְּס אַרוּם,
אוּנְד יוֹאָב הָאט דֶערְנֵייעֶרְט דָאס
אִיבְּרִיגֶע פוּן דֶער שְׁטָאט׃

9 אוּנְד דָוִד אִיז אִיטְלִיכֶעס מָאל

נְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען, אוּנְד יְהוָה צְבָאוֹת
אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען׃
10 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא גִבּוֹרִים וָואס
הָאבֶּען גֶעהֶערְט צוּ דָוִד, וָואס הָאבֶּען
זִיךְ מִיט אִיהְם גֶעשְׁטַארְקְט אִין זַיין
מַלְכוּת, מִיט גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, כְּדֵי אִיהְם
צוּ מַאכֶען פַאר אַ מֶלֶךְ, נָאךְ דֶעם
וָוארְט פוּן גָאט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל׃
11 אוּנְד דָאס אִיז דִיא צָאל פוּן דִיא
גִבּוֹרִים וָואס דָוִד הָאט גֶעהַאט, יָשָׁבְעָם
זוּהְן פוּן חַכְמוֹנִי, דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער
פוּן דִיא בֶּעפֶעהְלֶערִם, עֶר הָאט דֶערְ־
הוֹיבֶּען זַיין שְׁפִּיז קֶעגֶען דְרֵייא הוּנְדֶערְט
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא מִיט אֵיינְמָאל
דֶערְשְׁלָאגֶען׃
12 אוּנְד נָאךְ אִיהְם אִיז גֶעוֶועזֶען
אֶלְעָזָר זוּהְן פוּן דוֹדוֹ, דֶער אֲחוֹחִי, עֶר
אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶער פוּן דִיא דְרֵייא
גִבּוֹרִים׃
13 עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט דָוִד אִין
פַּס דַמִּים, אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען
זִיךְ דָארְטֶען פֶערְזַאמֶעלְט צוּ דֶער
מִלְחָמָה, וְואוּ עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ שְׁטִיק
פֶעלְד פוּל מִיט גֶערְשְׁט, אוּנְד דָאס
פָאלְק אִיז אֶנְטְלָאפֶען פַאר דִיא
פְּלִשְׁתִּים׃
14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט
אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם פֶעלְד אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען עֶס מַצִיל גֶעוֶועזֶען, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד
גָאט הָאט גֶעהָאלְפֶען מִיט אַ גְרוֹיסֶער
הִילְף׃
15 אוּנְד דְרֵייא פוּן דִיא דְרֵייסִיג
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע זֶענֶען אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ
דֶעם פֶעלְז, צוּ דָוִד, צוּ דֶער הֵייל
עֲדֻלָּם, אוּנְד דִיא מַחֲנֶה פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אִין
דֶעם טְהָאל רְפָאִים׃
16 אוּנְד דָוִד אִיז דֶענְסְמָאל גֶעוֶועזֶען
אִין דֶער פֶעסְטוּנְג, אוּנְד דִיא אָנְגֶע־
שְׁטֶעלְטֶע (וַואךְ) פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים אִיז
דֶענְסְמָאל גֶעוֶועזֶען אִין בֵּית לָחֶם׃
17 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעגְלוּסְט, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָוער וִויל מִיר גֶעבֶּען
צוּ טְרִינְקֶען וַואסֶער אוֹיס דֶעם בְּרוּנֶען
אִין בֵּית לֶחֶם וָואס אִיז בֵּייא דֶעם
טוֹיעֶר?
18 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא דְרֵייא דוּרְכְ־
גֶעבְּרָאכֶען דוּרְךְ דִיא מַחֲנֶה פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשֶׁעפְּט
וַואסֶער אוֹיס דֶעם בְּרוּנֶען פוּן בֵּית
לֶחֶם וָואס אִיז בֵּייא דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעטְרָאגֶען אוּנְד גֶע־
בְּרֶענְגְט צוּ דָוִד, אָבֶּער דָוִד הָאט עֶס
נִיט גֶעוָואלְט טְרִינְקֶען נֵייעֶרְט עֶר הָאט
עֶס אוֹיסְגֶעגָאסֶען פַאר גָאט׃
19 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, חָלִילָה!
פֶערְמִיטֶען זָאל עֶס זַיין פַאר מִיר, פוּן
גָאט אַזָאלְכֶעס צוּ טְהוּן, דָאס אִיךְ זָאל
טְרִינְקֶען דָאס בְּלוּט פוּן דִיא דָאזִיגֶע
מֶענֶער, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען עֶס אַהֶער
גֶעבְּרַאכְט אִין דֶער סַכָּנָה פוּן זֵייעֶר
אֵייגֶענֶעם לֶעבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט עֶס
נִיט גֶעוָואלְט טְרִינְקֶען; דָאס דָאזִיגֶע
הָאבֶּען גֶעטְהוּן דִיא דְרֵייא גִבּוֹרִים׃
20 אוּנְד אַבְשַׁי דֶער בְּרוּדֶער פוּן
יוֹאָב אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער
פוּן דִיא דְרֵייא, אוּנְד עֶר הָאט דֶערְ־
הוֹיבֶּען זַיין שְׁפִּיז קֶעגֶען דִיא דְרֵייא
הוּנְדֶערְט דֶערְשְׁלָאגֶענֶע, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעהַאט אַ שֵׁם צְוִוישֶׁען דִיא דְרֵייא׃
21 פוּן דִיא דְרֵייא אִיז עֶר גֶעוֶועזֶען
דֶער בְּכָבוֹד'סְטֶער פוּן דִיא צְוֵייא,

אונד

אוּנְד עֶר אִיז אִיבֶּער זֵייא גֶעוֶועזֶען אַ
פִירְשְׁט, אָבֶּער עֶר אִיז נִיט אָנְגֶעקוּמֶען
בִּיז צוּ דִיא (עֶרְשְׁטֶע) דְרֵייא:
22 בְּנָיָה זוּהְן פוּן יְהוֹיָדָע אִיז גֶעוֶועזֶען
דֶער זוּהְן פוּן אַ שְׁטַארְקֶען הֶעלְד פוּן
קַבְצְאֵל, עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דִיא צְווֵייא
לֵייבֶּען־שְׁטַארְקֶע פוּן מוֹאָב, אוּנְד עֶר
אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶע־
שְׁלָאגֶען דֶעם לֵייב אִין דֶער מִיטֶען
פוּן דֶער גְרוּבּ אִין דֶעם טָאג פוּן
שְׁנֵייא:
23 אוּנְד עֶר הָאט (אוֹיךְ) גֶעשְׁלָאגֶען
דֶעם מִצְרִישֶׁען מַאן, אַ מַאן פוּן גְרוֹיסֶען
מָאס פוּן פִינְף אֵיילֶען, אוּנְד אִין דֶער
הַאנְד פוּן דֶעם מִצְרִי אִיז גֶעוֶועזֶען אַ
שְׁפִּיז אַזוֹי וִויא אַ וֶועבֶּערְס הָאלְץ,
אוּנְד עֶר אִיז צוּ אִיהְם אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען
מִיט אַ רוּט אוּנְד עֶר הָאט גֶעגַזֶלְט
דֶעם שְׁפִּיז פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם
מִצְרִי, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם דֶערשְׁלָאגֶען
מִיט זֵיין אֵייגֶענֶעם שְׁפִּיז:
24 דָאס דָאזִיגֶע הָאט גֶעטְהוּן בְּנָיָה
זוּהְן פוּן יְהוֹיָדָע, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
הַאט אַ שֵׁם צְווִישֶׁען דִיא דְרֵייא
גִבּוֹרִים:
25 זֶעה, פוּן דִיא דְרֵייסִיג אִיז עֶר גֶע־
וֶועזֶען דֶער בְּכָבוֹד'סְטֶער, אָבֶּער צוּ
דִיא דְרֵייא אִיז עֶר נִיט אָנְגֶעקוּמֶען;
אוּנְד דָוִד הָאט אִיהְם אָנְגֶעשְׁטֶעלְט
אִיבֶּער זֵיינֶע לֵייבּ־וַואךְ:
26 אוּנְד דִיא הֶעלְדֶען פוּן דִיא חַיָלוֹת
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען עֲשָׂהאֵל דֶער בְּרוּדֶער
פוּן יוֹאָב, אֶלְחָנָן זוּהְן פוּן דוֹדוֹ אוֹיס
בֵּית לֶחֶם:
27 שַׁמּוֹת דֶער הֲרוֹרִי, חֶלֶץ דֶער
פְּלוֹנִי:
28 עִירָא זוּהְן פוּן עִקֵּשׁ דֶער תְּקוֹעִי,
אֲבִיעֶזֶר דֶער עַנְּתוֹתִי:
29 סִבְּכַי דֶער חֻשָׁתִי, עִילַי דֶער
אֲחוֹחִי:
30 מַהְרַי דֶער נְטוֹפָתִי, חֵלֶד זוּהְן פוּן
בַּעֲנָה דֶער נְטוֹפָתִי:
31 אִיתַי דֶער זוּהְן פוּן רִיבַי אוֹיס
גִבְעַת פוּן דִיא בְּנֵי בִנְיָמִין, בְּנָיָה דֶער
פִּרְעָתוֹנִי:
32 חוּרַי אוֹיס נַחֲלֵי גָעַשׁ, אֲבִיאֵל דֶער
עַרְבָתִי:
33 עַזְמָוֶת דֶער בַּחֲרוּמִי, אֶלְיַחְבָּא דֶער
שַׁעַלְבוֹנִי:
34 דִיא זִיהְן פוּן הָשֵׁם דֶער גִזוֹנִי,
יוֹנָתָן זוּהְן פוּן שָׁגֵי דֶער הֲרָרִי:
35 אֲחִיאָם זוּהְן פוּן שָׂכָר דֶער הֲרָרִי,
אֱלִיפָל זוּהְן פוּן אוּר:
36 חֵפֶר דֶער מְכֵרָתִי, אֲחִיָּה דֶער
פְּלֹנִי:
37 חֶצְרוֹ דֶער כַּרְמְלִי, נַעֲרַי זוּהְן פוּן
אֶזְבָּי:
38 יוֹאֵל דֶער בְּרוּדֶער פוּן נָתָן, מִבְחָר
זוּהְן פוּן הַגְרִי:
39 צֶלֶק דֶער עַמּוֹנִי, נַחְרַי דֶער בֵּרוֹתִי,
אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער וַואפֶּען־טְרֶעגֶער פוּן
יוֹאָב זוּהְן פוּן צְרוּיָה:
40 עִירָא דֶער יִתְרִי, גָרֵב דֶער
יִתְרִי:
41 אוּרִיָּה דֶער חִתִּי, זָבָד זוּהְן פוּן
אַחְלָי:
42 עֲדִינָא זוּהְן פוּן שִׁיזָא פוּן שֵׁבֶט
רְאוּבֵן אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער אוֹיבֶּערשְׁטֶער
פוּן רְאוּבֵן אוּנְד בֵּייא אִיהְם זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען דְרֵייסִיג:
43 חָנָן זוּהְן פוּן מַעֲכָה, אוּנְד יוֹשָׁפָט
דֶער מִתְנִי:
44 עֻזִּיָּא דֶער עַשְׁתְּרָתִי, שָׁמָע אוּנְד
יְעוּאֵל דִיא זִיהְן פוּן חוֹתָם דֶער עֲרוֹעֵרִי:

45 יְדִיעֲאֵל זוּהְן פוּן שִׁמְרִי, אוּנְד יוֹחָא
זַיין בְּרוּדֶער דֶער תִּיצִי׃
46 אֱלִיאֵל דֶער מַחֲוִים, אוּנְד יְרִיבַי,
אוּנְד יוֹשַׁוְיָה, דִיא זִיהְן פוּן אֶלְנָעַם,
אוּנְד יִתְמָה דֶער מוֹאָבִי׃
47 אֱלִיאֵל, אוּנְד עוֹבֵד, אוּנְד יַעֲשִׂיאֵל
דֶער מְצוֹבָיָה׃

## קאפיטעל יב

1 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען
צוּ דָוִד נָאךְ צִיקְלָג, וָוען עֶר אִיז נָאךְ
גֶעוֶועזֶען בֶּעהַאלְטֶען פַאר שָׁאוּל זוּהְן
פוּן קִישׁ, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
צְווִישֶׁען דִיא גִבּוֹרִים וָואס הָאבֶּען אִיהְם
גֶעהָאלְפֶען אִין דֶער מִלְחָמָה׃
2 זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גֶעוַואפֶּענְט
מִיט בּוֹיגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעקֶענְט
גֶעבְּרוֹיכֶען זֵיירֶע רֶעכְטֶע אוּנְד לִינְקֶע
הֶענְד צוּ וַוארְפֶען דִיא שְׁטֵיינֶער אוּנְד
צוּ שִׁיסֶען מִיט דִיא פְּיילֶען אוּנְד מִיט
דֶעם בּוֹיגֶען, זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא
בְּרִידֶער פוּן שָׁאוּל אוֹיס דֶעם שֵׁבֶט
בִּנְיָמִין׃
3 דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען
אֲחִיעֶזֶר, אוּנְד יוֹאָשׁ דִיא זִיהְן פוּן
שְׁמָעָה, פוּן גִבְעָה, אוּנְד יְזוּאֵל, אוּנְד
פֶּלֶט דִיא זִיהְן פוּן עַזְמָוֶת, אוּנְד בְּרָכָה,
אוּנְד יֵהוּא פוּן עֲנָתוֹת׃
4 אוּנְד יִשְׁמַעְיָה פוּן גִבְעוֹן אִיז גֶע־
וֶועזֶען אַ גִבּוֹר צְווִישֶׁען דִיא דְרֵייסִיג,
אוּנְד אִיבֶּער דִיא דְרֵייסִיג, אוּנְד יִרְמְיָה,
אוּנְד יַחֲזִיאֵל, אוּנְד יוֹחָנָן, אוּנְד יוֹזָבָד
פוּן גְדֵרָה׃
5 אֶלְעוּזַי, אוּנְד יְרִימוֹת, אוּנְד בְּעַלְיָה,
אוּנְד שְׁמַרְיָהוּ, אוּנְד שְׁפַטְיָהוּ פוּן
חֲרִיפִי׃
6 אֶלְקָנָה, אוּנְד יִשִּׁיָהוּ, אוּנְד עֲזַרְאֵל,
אוּנְד יוֹעֶזֶר, אוּנְד יָשָׁבְעָם דִיא קָרְחִים׃
7 אוּנְד יוֹעֵאלָה, אוּנְד זְבַדְיָה דִיא זִיהְן
פוּן יְרוֹחָם, אוֹיס גְדוֹר׃
8 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט גָד הָאבֶּען
זִיךְ אָפְּגֶעשֵׁיידְט צוּ דָוִד, צוּ דֶער פֶעסְ־
טוּנְג פוּן דֶער מִדְבָּר, שְׁטַארְקֶע הֶעלְדֶען,
מִלְחָמָה־לֵייט צוּ דֶער מִלְחָמָה, צוּגֶע־
בְּרֵייט מִיט פַּאנְצֶערְס, אוּנְד זֵיירֶע
פֶּענֶעמֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען וִויא דָאס
פָּנִים פוּן אַ לֵייבּ, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אַזוֹי גֶעשְׁווִינְד וִויא הִירְשֶׁען
אוֹיף דִיא בֶּערְג׃
9 עֵזֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער,
עוֹבַדְיָה דֶער צְווֵייטֶער, אֱלִיאָב דֶער
דְרִיטֶער׃
10 מִשְׁמַנָּה דֶער פִיעֶרְטֶער, יִרְמְיָה
דֶער פִינְפְטֶער׃
11 עַתַּי דֶער זֶעקְסְטֶער, אֱלִיאֵל דֶער
זִיבֶּעטֶער׃
12 יוֹחָנָן דֶער אַכְטֶער, אֶלְזָבָד דֶער
נֵיינְטֶער׃
13 יִרְמְיָהוּ דֶער צֶעהְנְטֶער, מַכְבַּנַּי
דֶער עֶלְפְטֶער׃
14 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶע פוּן
דִיא זִיהְן פוּן גָד אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם
חַיִל, אֵיינֶער פוּן דִיא קְלֵיינְסְטֶע אִיז
גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער הוּנְדֶערְט, אוּנְד דֶער
גְרֶעסְטֶער אִיבֶּער טוֹיזֶענְד׃
15 דָאס זֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע וָואס
זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם
יַרְדֵן אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען חוֹדֶשׁ, אוּנְד
עֶר (דֶער יַרְדֵן) אִיז פוּל גֶעוֶועזֶען אוֹיף
אַלֶע זֵיינֶע זֵייטֶען (בָּארְטֶען), אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעמַאכְט עֶנְטְלוֹיפֶען אַלֶע בֶּע־
ווֹאוֹינֶער פוּן דֶעם טָהאל, אַן דֶער
מִזְרַח־זֵייט, אוּנְד אַן דֶער מַעֲרָב־
זֵייט׃
16 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן

דִיא קִינְדֶער פוּן בִּנְיָמִין אוּנְד יְהוּדָה
בִּיז צוּ דֶער פֶעסְטוּנְג צוּ דָוִד׃
17 אוּנְד דָוִד אִיז צוּ זֵייא אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר
זֶענְט צוּ מִיר גֶעקוּמֶען מִיט שָׁלוֹם מִיר
צוּ הֶעלְפֶען, אַזוֹי זָאל זִיךְ מֵיין הַארְץ
מִיט אֵייךְ פֶערְאֵיינִיגֶען, אָבֶּער וֶוען
אִיהְר זֶענְט גֶעקוּמֶען מִיךְ צוּ אִיבֶּערְ־
עֶנְטְפֶערְן אִין דִיא הֶענְד פוּן מֵיינֶע
פֵיינְד, חָאטְשֶׁע עֶס אִיז נִיט קֵיין
אוּמְרֶעכְטֶעס אִין מֵיינֶע הֶענְד, לָאז עֶס
דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת זֶעהֶען
אוּנְד אֵייךְ בֶּעשְׁטְרָאפֶען׃
18 אוּנְד דֶער רוּחַ הָאט אָנְגֶעקְלֵייד
דֶעם עֲמָשַׂי, דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן
דִיא אַנְפִיהְרֶערְס, (אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט), מִיר גֶעהֶערֶען צוּ דִיר דָוִד,
אוּנְד מִיט דִיר, דוּא זוּהְן פוּן יִשַׁי
שָׁלוֹם, שָׁלוֹם, זָאל זֵיין צוּ דִיר! אוּנְד
שָׁלוֹם צוּ דֵיינֶע הֶעלְפֶערְס! וָוארִין דֵיין
גָאט הָאט דִיר גֶעהָאלְפֶען! אוּנְד דָוִד
הָאט זֵייא מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא גֶעמַאכְט פַאר אוֹיבֶּערְשְׁטֶע
אִיבֶּער דֶעם חַיִל׃
19 אוּנְד פוּן מְנַשֶּׁה זֶענֶען צוּגֶעפַאלֶען
צוּ דָוִד, וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען מִיט
דִיא פְּלִשְׁתִּים קֶעגֶען שָׁאוּל צוּ דֶער
מִלְחָמָה, אָבֶּער עֶר הָאט זֵייא נִיט
גֶעהָאלְפֶען, וָוארִין דִיא הַארֶען פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען אִיהְם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט
דוּרְךְ אֵיינֶע עֵצָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, עֶר
וֶועט מִיט אוּנְזֶערֶע קֶעפּ צוּפַאלֶען צוּ
זֵיין הַאר שָׁאוּל׃
20 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען
נָאךְ צִקְלַג, אַזוֹי זֶענֶען צוּ אִיהְם
צוּגֶעפַאלֶען פוּן מְנַשֶּׁה, עַדְנָה, אוּנְד
יוֹזָבָד, אוּנְד יְדִיעֲאֵל, אוּנְד מִיכָאֵל,
אוּנְד יוֹזָבָד, אוּנְד אֱלִיהוּא, אוּנְד צִלְּתַי,
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אִיבֶּער טוֹיזֶענְד פוּן מְנַשֶּׁה׃
21 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהָאלְפֶען מִיט
דָוִד קֶעגֶען דִיא חַיָילוֹת, וָוארִין זֵייא
זֶענֶען אַלֶע גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְקֶע חַיִל'ס־
לֵייט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען הַארֶען
אִין דֶעם חַיִל׃
22 וָוארִין פוּן דֶער צֵייט אָן פוּן
טָאג צוּ טָאג, זֶענֶען צוּ דָוִד אָנְגֶעקוּ־
מֶען מֶענְשֶׁען אִיהְם צוּ הֶעלְפֶען, בִּיז
עֶס אִיז גֶעוָוארֶען צוּ אַ גְרוֹיסֶע מַחֲנֶה,
אַזוֹי וִויא דִיא מַחֲנֶה פוּן גָאט׃
23 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
דִיא צָאלֶען פוּן דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן
דִיא גֶעוָואפֶענְטֶע פוּן דֶעם חַיִל, וָואס
זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דָוִד נָאךְ חֶבְרוֹן,
כְּדֵי צוּרִיקְצוּקֶעהְרֶען דָאס מַלְכוּת פוּן
שָׁאוּל צוּ אִיהְם נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן
גָאט׃
24 דִיא זִיהְן פוּן יְהוּדָה וָואס הָאבֶּען
גֶעטְרָאגֶען פַּאנְצֶערְס אוּנְד שְׁפִּיזֶען,
זֶעקְס טוֹיזֶענְד אוּנְד אַכְט הוּנְדֶערְט
גֶעוַואפֶענְטֶע צוּ דֶעם חַיִל׃
25 פוּן דִיא זִיהְן פוּן שִׁמְעוֹן שְׁטַארְקֶע
חַיִל'ס־לֵייט, זִיבֶּען טוֹיזֶענְד אוּנְד אֵיין
הוּנְדֶערְט׃
26 פוּן דִיא זִיהְן פוּן לֵוִי, פִיעֶר
טוֹיזֶענְד אוּנְד זֶעקְס הוּנְדֶערְט׃
27 אוּנְד יְהוֹיָדָע אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער
נָגִיד פוּן אַהֲרוֹן, אוּנְד מִיט אִיהְם זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען דְרֵייא טוֹיזֶענְד אוּנְד זִיבֶּען
הוּנְדֶערְט׃
28 אוּנְד צָדוֹק, אַ יוּנְגֶער מַאן, אָבֶּער
אַ שְׁטַארְקֶער חַיִל'ס־מַאן, אוּנְד פוּן
זֵיין פָאטֶער'ס הוֹיז צְוֵוייא אוּנְד צְוַואנְ־
צִיג אוֹיבֶּערְשְׁטֶע׃

29 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן בִּנְיָמִין, דִיא בְּרִידֶער פוּן שָׁאוּל, דְרַייא טוֹיזֶענְד, וָוארִין בִּיז אַצוּנְד הָאבֶּען זַייא גֶעמֶעהְרְט הִיטֶערְס צוּ הִיטֶען דָאס הוֹיז פוּן שָׁאוּל׃

30 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן אֶפְרַיִם, צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד אַכְט הוּנְדֶערְט שְׁטַארְקֶע חַיִל'ס־לַייט, מֶענֶער פוּן אַ שֵׁם אִין דֶעם הוֹיז פוּן זַיירֶע אָבוֹת׃

31 אוּנְד פוּן דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה, אַכְטְצֶעהְן טוֹיזֶענְד, וָואס מֶען הָאט זַייא אָנְגֶערוּפֶען בַּייא זַיירֶע נֶעמֶען אַז זַייא זָאלֶען קוּמֶען כְּדֵי דָוִיד צוּ מַאכֶען פַאר אַ מֶלֶךְ׃

32 אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן יִשָּׂשכָר, וָואס הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען דִיא צַייטֶען, כְּדֵי צוּ וִויסֶען וָואס עֶס וֶועט גֶעטְהוּן וֶוערֶען צוּ יִשְׂרָאֵל, זַיירֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְווייא הוּנְדֶערְט, אוּנְד אַלֶע זַיירֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען גֶעטְהוּן נָאךְ זַייעֶר בֶּעפֶעהְל׃

33 פוּן זְבוּלוּן, זָאלְכֶע וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם חַיִל אָנְגֶעבְּרַייט צוּ דֶער מִלְחָמָה, מִיט אַלֶע כֵּלִים צוּ דֶער מִלְחָמָה, פוּפְצִיג טוֹיזֶענְד, אָנְגֶעגְרַייט אָהְן אַ טָאפֶּעלְט הַארְץ׃

34 אוּנְד פוּן נַפְתָּלִי, אֵיין טוֹיזֶענְד פִירְשְׁטֶען, אוּנְד מִיט זַייא, מִיט פַאנְצֶערְן אוּנְד שְׁפִּיזֶען, זִיבֶּען אוּנְד דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד׃

35 אוּנְד פוּן דָן, אָנְגֶעגְרַייט צוּ דֶער מִלְחָמָה, אַכְט אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד זֶעקְס הוּנְדֶערְט׃

36 אוּנְד פוּן אָשֵׁר זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם חַיִל, אָנְגֶעגְרַייט צוּ דֶער מִלְחָמָה, פִירְצִיג טוֹיזֶענְד׃

37 אוּנְד פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט פוּן דֶעם יַרְדֵן, פוּן רְאוּבֵן, אוּנְד גָד, אוּנְד דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט פוּן מְנַשֶּׁה, מִיט אַלֶערְלֵייא כֵּלִים פוּן דֶער מִלְחָמָה, הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד׃

38 אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִלְחָמָה־לַייט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעקֶענְט אָנְרִיכְטֶען מִיט זַייעֶר גַאנְצֶען הַארְץ, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ חֶבְרוֹן כְּדֵי דָוִיד צוּ מַאכֶען פַאר אַ מֶלֶךְ אִיבֶּער גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אוֹיךְ אַלֶע אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן אֵיין הַארְץ אַז מֶען זָאל דָוִיד מַאכֶען פַאר אַ מֶלֶךְ׃

39 אוּנְד זַייא זֶענֶען דָארְט גֶעוֶועזֶען מִיט דָוִד דְרַייא טֶעג, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען, וָוארִין זַיירֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען דָאס פַאר זַייא אָנְגֶעגְרַייט׃

40 אוּנְד אוֹיךְ דִיא וָואס זֶענֶען צוּ זַייא נָאהֶענְט גֶעוֶועזֶען, בִּיז צוּ יִשָּׂשכָר, אוּנְד זְבוּלוּן, אוּנְד נַפְתָּלִי, זַייא הָאבֶּען גֶעבְּרֶענְגְט בְּרוֹיט אוֹיף אֵייזֶעלְן, אוּנְד אוֹיף קֶעמֶעלְן, אוּנְד אוֹיף מוֹיל־אֵייזֶעלְן, אוּנְד אוֹיף רִינְדֶער, מֶעהְל־שְׁפֵּייזֶען, גֶעטְרוּקֶענְטֶע פֵייגֶען, רָאזִשִׁינְקֶעס, אוּנְד וויין, אוּנְד בּוֹימְאֵייל, אוּנְד רִינְדֶער, אוּנְד פִיל שָׁאף, וָוארִין עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ פְרֵייד אִין יִשְׂרָאֵל׃

## קאפיטעל יג

1 אוּנְד דָוִיד הָאט זִיךְ בֶּערָאטְהֶען מִיט דִיא פִירְשְׁטֶען אִיבֶּער דִיא טוֹיזֶענְדֶע, אוּנְד דִיא הוּנְדֶערְטֶע, אוּנְד מִיט אַלֶע פִירְשְׁטֶען׃

2 אוּנְד דָוִיד הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶער גַאנְצֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, וֶוען עֶס גֶעפֶעלְט אֵייךְ, אוּנְד אוֹיב דָאס דִיא זַאךְ אִיז

פון יְהוָה אונזער גָאט, אַזוי לָאמֶער
אוּנְס צוּשְׁפְּרֵייטֶען אוּנְד שִׁיקֶען צוּ
אוּנְזֶערֶע אִיבְּרִיגֶע בְּרִידֶער, אִין אַלֶע
לֶענְדֶער פון יִשְׂרָאֵל, אוּנְד מִיט זֵייא
דִיא כּוֹהֲנִים אוּנְד דִיא לְוִיִם וָואס זֶענֶען
אִין זֵיירֶע שְׁטֶעט אוּנְד פְּרֵייעֶ פְּלֶעצֶער,
אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ צוּ אוּנְס פֶערְ־
זַאמְעלְן:
3 אוּנְד לָאמִיר צוּרִיקְקֶעהְרֶען דֶעם
אָרוֹן פון אוּנְזֶער גָאט צוּ אוּנְס, וָוארִין
מִיר הָאבֶּען אִיהְם נִיט נָאכְגֶעפָארְשְׁט
אִין דִיא טֶעג פון שָׁאוּל:
4 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג הָאט
גֶעזָאגְט אַז מֶען זָאל אַזוי טְהוּן, וָוארִין
דִיא זַאךְ אִיז רֶעכְט גֶעוֶועזֶען אִין דִיא
אוֹיגֶען פון דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק:
5 אַזוי הָאט דָוִיד פֶערְזַאמֶעלְט גַאנְץ
יִשְׂרָאֵל, פון שִׁיחוֹר מִצְרַיִם אוּנְד בִּיז
מֶען קוּמְט אָן צוּ חֲמָת, כְּדֵי צוּ
בְּרֶענְגֶען דֶעם אָרוֹן פון גָאט אוֹיס
קִרְיַת יְעָרִים:
6 אוּנְד דָוִיד אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל זֶענֶען
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ בַּעֲלָה צוּ קִרְיַת
יְעָרִים וָואס אִיז אִין יְהוּדָה, כְּדֵי פון
דָארְט אַרוֹיפְצוּבְּרֶענְגֶען דֶעם אָרוֹן פון
יְהוָה דֶעם גָאט וָואס וְואוֹינְט צְוִוישֶׁען
דִיא כְּרוּבִים, וָואס זֵיין נָאמֶען אִיז
דַארוֹיף אָנְגֶערוּפֶען:
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט דֶעם
אָרוֹן פון גָאט פָאהְרֶען אוֹיף אַ נֵייעֶם
וָואגֶען פון דֶעם הוֹיז פון אֲבִינָדָב,
אוּנְד עֻזָא אוּנְד אַחְיוֹ הָאבֶּען גֶעפִיהְרְט
דֶעם וָואגֶען:
8 אוּנְד דָוִיד אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעשְׁפִּילְט פַאר גָאט מִיט דֶעם
גַאנְצֶען כּוֹחַ, מִיט גֶעזַאנְג אוּנְד מִיט
הַארְפֶען, אוּנְד מִיט פְּלֵייטֶען, אוּנְד
מִיט פּוֹיקֶען, אוּנְד מִיט צִימְבֶּעלְן, אוּנְד
מִיט טְרָאמְפֵּייטֶען:
9 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ
דִיא דְרֶעש־שֵׁייעֶר כִּידוֹן, אוּנְד עֻזָא
הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיינֶע הַאנְד
אָנְצוּהַאלְטֶען דֶעם אָרוֹן, וָוייל דִיא
רִינְדֶער הָאבֶּען אִיהְם גֶעשָׁאקֶעלְט:
10 אוּנְד דֶער צָארְן פון גָאט הָאט
דֶערְגְרִימְט קֶעגֶען עֻזָא, אוּנְד עֶר הָאט
אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען וָוייל עֶר הָאט אוֹיסְ־
גֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיינֶע הַאנְד צוּ דֶעם אָרוֹן,
אוּנְד עֶר אִיז דָארְטֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען
פַאר גָאט:
11 אוּנְד עֶס הָאט דָוִיד פֶערְדְרָאסֶען
וָוייל גָאט הָאט גֶעמַאכְט אַ בְּרָאךְ אַן
עֻזָא, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען אָרְט פֶּרֶץ עֻזָא בִּיז צוּ דֶעם
הֵיינְטִיגֶען טָאג:
12 אוּנְד דָוִד הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר
גָאט אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, אַזוי צוּ
זָאגֶען, וִויא אַזוי זָאל אִיךְ צוּ מִיר
אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען דֶעם אָרוֹן פון גָאט:
13 אוּנְד דָוִד הָאט נִיט צוּ זִיךְ אַהֵיים
גֶעבְּרֶענְגְט דֶעם אָרוֹן, צוּ דֶער שְׁטָאט
פון דָוִד, נֵייעֶרְט עֶר הָאט אִיהְם אָפְּ־
גֶעגֵיינְגְט צוּ דֶעם הוֹיז פון עוֹבֵד אֱדוֹם,
דֶעם גִתִּי:
14 אוּנְד אַזוי אִיז דֶער אָרוֹן פון גָאט
גֶעבְּלִיבֶּען מִיט דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פון
עוֹבֵד אֱדוֹם, אִין זֵיין הוֹיז דְרֵייא חֳדָשִׁים,
אוּנְד גָאט הָאט גֶעבֶּענְשְׁט דָאס הוֹיז
פון עוֹבֵד אֱדוֹם, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר
הָאט גֶעהַאט:

## קאפיטעל יד

1 אוּנְד חִירָם מֶלֶךְ פון צוֹר הָאט
גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ דָוִד, אוּנְד טֶענֶען
בֵּיימֶער, אוּנְד מוֹיעֶר מֵייסְטֶערְס, אוּנְד

מִשְׁלֶערְס כְּדֵי פַאר אִיהְם אַ הויז צוּ
בּויעֶן ׃
2 אוּנְד דָוִד הָאט דֶערְקֶענְט אַז גָאט
הָאט אִיהְם אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ זַיין אַ מֶלֶךְ
אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, וָוארִין זַיינֶע מְלוּכָה אִיז
דֶערְהויבֶּן גֶעוָוארֶען אִין דֶער הֵייךְ
פוּן וָועגֶען זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל ׃
3 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ נָאךְ גֶענוּמֶען
וַוייבֶּער אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶס זֶענֶען
נָאךְ גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען צוּ דָוִד זִיהְן
אוּנְד טֶעכְטֶער ׃
4 אוּנְד דָאס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא
נֶעמֶען פוּן דִיא קִינְדֶער וָואס עֶר הָאט
גֶעהַאט אִין יְרוּשָׁלַיִם, שַׁמּוּעַ, אוּנְד
שׁוֹבָב, נָתָן, אוּנְד שְׁלֹמֹה ׃
5 אוּנְד יִבְחָר, אוּנְד אֱלִישׁוּעַ, אוּנְד
אֶלְפָּלֶט ׃
6 אוּנְד נוֹגַהּ, אוּנְד נֶפֶג, אוּנְד יָפִיעַ ׃
7 אוּנְד אֱלִישָׁמָע, אוּנְד בְּעֶלְיָדָע, אוּנְד
אֱלִיפָלֶט ׃
8 אוּנְד וָוען דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען
גֶעהֶערְט אַז דָוִיד אִיז גֶעזַאלְבְּט גֶע־
וָוארֶען אַלְס מֶלֶךְ אִיבֶּער גַאנְץ יִשְׂרָאֵל,
אַזוֹי זֶענֶען אַלֶע פְּלִשְׁתִּים אַרויפְגֶעקוּמֶען
דָוִיד צוּ זוּכֶען, אוּנְד וָוען דָוִיד הָאט עֶס
גֶעהֶערְט אַזוֹי אִיז עֶר פַאר זַייא אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען ׃
9 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אָנְגֶע־
קוּמֶען אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְ־
גֶעשְׁפְּרֵייט אִין דֶעם טְהָאל רְפָאִים ׃
10 אוּנְד דָוִיד הָאט אָנְגֶעפְרֶעגְט בֵּייא
גָאט, אוּנְד גֶעזָאגְט, זָאל אִיךְ אַרויפְ־
גֵיין קֶעגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים ? אוּנְד וֶועסְט
דוּא זַייא גֶעבֶּען אִין מֵיינֶע הַאנְד ?
אוּנְד גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
גֵייא אַרוֹיף, אוּנְד זַייא וֶועלֶען גֶעגֶעבֶּען
וֶוערֶען אִין דֵיינֶע הַאנְד ׃
11 אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרויפְגֶעגַאנְגֶען
בֵּייא בַּעַל פְּרָצִים, אוּנְד דָוִיד הָאט
זַייא דָארְטֶען גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד דָוִיד
הָאט גֶעזָאגְט, גָאט הָאט צוּבְּרָאכֶען
מֵיינֶע פֵיינְד אִין מֵיינֶע הַאנְד, גְלֵייךְ
אַזוֹי וִויא וַואסֶער בְּרֶעכְט (אוֹיס),
דָארוּם הָאט מֶען גֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען
פוּן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען אָרְט בַּעַל־פְּרָצִים ׃
12 אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָארְטֶען פֶערְ־
לָאזֶען זַיירֶע גֶעטֶער, אוּנְד דָוִיד הָאט
גֶעזָאגְט אַז מֶען זָאל זַייא פֶערבְּרֶענֶען
אִין דֶעם פֵייעֶר ׃
13 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען זִיךְ
נָאכְאַמָאל פֶערשְׁפְּרֵייט, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אִין דֶעם
טְהָאל ׃
14 אַזוֹי הָאט דָוִד נָאכְאַמָאל אָנְגֶע־
פְרֶעגְט בֵּייא גָאט, אוּנְד גָאט הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט אַרויפְ־
גֵיין נָאךְ זַייא, קֶעהְר דִיךְ אַוֶועק פוּן
זַייא, אָבֶּער דוּא זָאלְסְט אִיבֶּער זַייא
קוּמֶען קֶעגֶען אִיבֶּער דִיא בֵּיימֶער ׃
15 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וָוען דוּא וֶועסְט
הֶערֶען דָאס גֶערוּישׁ אַן דִיא שְׁפִּיצֶען
פוּן דִיא בֵּיימֶער, דֶענְסְמָאל זָאלְסְט
דוּא אַרוֹיסְגֵיין אִין דֶער מִלְחָמָה, וָוארִין
גָאט וֶועט פַאר דִיר אַרוֹיסְגֵיין צוּ
שְׁלָאגֶען דִיא מַחֲנֶה פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים ׃
16 אוּנְד דָוִיד הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא
גָאט הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען דִיא מַחֲנֶה פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים, פוּן גִּבְעוֹן אָן אוּנְד בִּיז נָאךְ
גָזֶרָה ׃
17 אוּנְד דֶער שֵׁם פוּן דָוִיד אִיז אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען אִין אַלֶע לֶענְדֶער, אוּנְד גָאט
הָאט גֶעגֶעבֶּען זַיינֶע פָארְכְט אִיבֶּער
אַלֶע פֶעלְקֶער ׃

## קאפיטעל טו

1 אוּנְד עֶר (דָוִד) הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט
הַייזֶער אִין דֶער שְׁטָאט פוּן דָוִד, אוּנְד
עֶר הָאט אָנְגֶעגְרֵייט אֵיין אָרְט פַאר
דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, אוּנְד עֶר
הָאט פַאר אִיהְם אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אַ
גֶעצֶעלְט:
2 דֶענְסְמָאל הָאט דָוִד גֶעזָאגְט אַז
קֵיינֶער זָאל נִיט טְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן
פוּן גָאט, נֵייעֶרְט נוּר דִיא לְוִיִם, וָוארִין
זֵייא הָאט גָאט אוֹיסְדֶערְוֶוייִלְט צוּ
טְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, אוּנְד
אִיהְם צוּ דִינֶען בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג:
3 אוּנְד דָוִיד הָאט פֶערְזַאמֶעלְט גַאנְץ
יִשְׂרָאֵל צוּ יְרוּשָׁלַיִם כְּדֵי אַרוֹיפְצוּ־
בְּרֶענְגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט צוּ זֵיין
אָרְט וָואס עֶר הָאט פַאר אִיהְם אָנְ־
גֶעבְּרֵייט
4 אוּנְד דָוִיד הָאט פֶערְזַאמֶעלְט דִיא
זִיהְן פוּן אַהֲרוֹן אוּנְד דִיא לְוִיִם:
5 פוּן דִיא זִיהְן פוּן קְהָת, אוּרִיאֵל
דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, אוּנְד פוּן זֵיינֶע
בְּרִידֶער הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג:
6 פוּן דִיא זִיהְן פוּן מְרָרִי, עֲשָׂיָה דֶער
אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, אוּנְד פוּן זֵיינֶע בְּרִידֶער
צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג:
7 פוּן דִיא זִיהְן פוּן גֵרְשׁוֹם, יוֹאֵל דֶער
אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, אוּנְד פוּן זֵיינֶע בְּרִידֶער
הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג:
8 פוּן דִיא זִיהְן פוּן אֱלִיצָפָן, שְׁמַעְיָה
דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, אוּנְד פוּן זֵיינֶע
בְּרִידֶער צְוֵוייא הוּנְדֶערְט:
9 פוּן דִיא זִיהְן פוּן חֶבְרוֹן, אֱלִיאֵל
דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, אוּנְד פוּן זֵיינֶע
בְּרִידֶער אַכְצִיג:
10 פוּן דִיא זִיהְן פוּן עֻזִּיאֵל, עַמִּינָדָב
דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, אוּנְד פוּן זֵיינֶע
בְּרִידֶער הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוֶועלְף:
11 אוּנְד דָוִיד הָאט גֶערוּפֶען צָדוֹק
אוּנְד אֶבְיָתָר דִיא כּוֹהֲנִים, אוּנְד פוּן
דִיא לְוִיִם אוּרִיאֵל, עֲשָׂיָה, אוּנְד יוֹאֵל,
שְׁמַעְיָה, אוּנְד אֱלִיאֵל, אוּנְד עַמִּינָדָב:
12 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיהְר זֶענְט דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת צוּ דִיא
לְוִיִם, הֵיילִיגְט אֵייךְ אוּנְד אֵיירֶע בְּרִידֶער,
כְּדֵי אִיהְר זָאלְט קֶענֶען אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען
דֶעם אָרוֹן פוּן יְהֹוָה דֶעם גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל צוּ דֶעם אָרְט וָואס אִיךְ הָאבּ
פַאר אִיהְם אָנְגֶעבְּרֵייט:
13 וָוארִין וֵוייל אִיהְר הָאט עֶס נִיט
צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל גֶעטְהוּן הָאט יְהֹוָה
אוּנְזֶער גָאט גֶעמַאכְט אַ בְּרָאךְ אוֹיף
אוּנְס, וֵוייל מִיר הָאבֶּען אִיהְם נִיט
גֶעפָארְשְׁט אַזוֹי וִויא עֶס אִיז רֶעכְט:
14 אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא כּוֹהֲנִים אוּנְד
דִיא לְוִיִם גֶעהֵיילִיגְט, כְּדֵי אַרוֹיפְצוּ־
בְּרֶענְגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן יְהֹוָה דֶעם
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל:
15 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן לֵוִי הָאבֶּען
גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, אַזוֹי
וִויא מֹשֶׁה הָאט גֶעבָּאטֶען נָאךְ דֶעם
וָוארְט פוּן גָאט אוֹיף זֵיירֶע אַקְסֶעלְן
מִיט דִיא שְׁטַאנְגֶען וָואס אִיז דַארוֹיף
גֶעוֶועזֶען:
16 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא לְוִיִם, אַז זֵייא
זָאלֶען אָנְשְׁטֶעלֶען זֵיירֶע בְּרִידֶער אַלְס
מְשׁוֹרְרִים מִיט גֶעזַאנְג כֵּלִים, אוּנְד מִיט
פִידֶעלְן, אוּנְד הַארְפֶען, אוּנְד צִימְבֶּעלְן,
כְּדֵי מֶען זָאל הֶערֶען אוּנְד מֶען זָאל
אוֹיפְהֵייבֶּען אַ פְרֵיידִיגֶעס קוֹל:
17 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא לְוִיִם אָנְגֶעשְׁטֶעלְט
דֶעם הֵימָן זוּהְן פוּן יוֹאֵל, אוּנְד פוּן
זֵיינֶע בְּרִידֶער אָסָף זוּהְן פוּן בֶּרֶכְיָהוּ,

אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן מְרָרִי זַייעֶרֶע
בְּרִידֶער, אֵיתָן זוּהְן פוּן קוּשָׁיָהוּ:
18 אוּנְד מִיט זַייא זַייעֶרֶע בְּרִידֶער פוּן
דֶער אַנְדֶערֶע מַעֲלָה, זְכַרְיָהוּ זוּהְן פוּן
יַעֲזִיאֵל, אוּנְד שְׁמִירָמוֹת, אוּנְד יְחִיאֵל,
אוּנְד עֻנִּי, אֱלִיאָב, אוּנְד בְּנָיָהוּ, אוּנְד
מַעֲשֵׂיָהוּ, אוּנְד מַתִּתְיָהוּ, אוּנְד אֱלִיפְלֵהוּ,
אוּנְד מִקְנֵיָהוּ, אוּנְד עוֹבֵד אֱדוֹם, אוּנְד
יְעִיאֵל, דִיא טוֹיעֶר הִיטֶערְס:
19 אוּנְד דִיא זִינְגֶערְס הֵימָן, אָסָף אוּנְד
אֵיתָן, זֶענֶען אָנְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעוֶועזֶען מִיט
דִיא צִימְבֶּעלְן פוּן קוּפֶּער כְּדֵי צוּ לָאזֶען
הֶערֶען:
20 אוּנְד זְכַרְיָה, אוּנְד עֲזִיאֵל, אוּנְד
שְׁמִירָמוֹת, אוּנְד יְחִיאֵל, אוּנְד עֻנִּי,
אוּנְד אֱלִיאָב, אוּנְד מַעֲשֵׂיָהוּ, אוּנְד
בְּנָיָהוּ מִיט פִידֶעלְן אוֹיף עֲלָמוֹת:
21 אוּנְד מַתִּתְיָהוּ, אוּנְד אֱלִיפְלֵהוּ,
אוּנְד מִקְנֵיָהוּ, אוּנְד עוֹבֵד אֱדוֹם, אוּנְד
יְעִיאֵל, אוּנְד עֲזַזְיָהוּ, מִיט הַארְפֶען אַ
לַמְנַצֵּחַ עַל הַשְּׁמִינִית:
22 אוּנְד כְּנַנְיָהוּ דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער
פוּן דִיא לֵוִיִם אִיז גֶעוֶועזֶען בַּייא דֶעם
טְרָאגֶען, עֶר הָאט זַייא גֶעלֶערְנְט אִין
דֶעם טְרָאגֶען, וָוארִין עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען
אַ פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶער:
23 אוּנְד בֶּרֶכְיָה, אוּנְד אֶלְקָנָה זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען דִיא טוֹיעֶר הִיטֶערְס פוּן דֶעם
אָרוֹן:
24 אוּנְד שְׁבַנְיָהוּ, אוּנְד יוֹשָׁפָט, אוּנְד
נְתַנְאֵל, אוּנְד עֲמָשַׂי, אוּנְד זְכַרְיָהוּ,
אוּנְד בְּנָיָהוּ, אוּנְד אֱלִיעֶזֶר דִיא כּוֹהֲנִים
הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען מִיט דִיא טְרָאמְפֵּיטֶען
פַאר דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, אוּנְד עוֹבֵד
אֱדוֹם, אוּנְד יְחִיָּה זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא
טוֹיעֶר הִיטֶערְס פוּן דֶעם אָרוֹן:
25 אַזוֹי אִיז דָוִיד אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע
פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן
טוֹיזֶענְד אַהִינְגֶעגַאנְגֶען, כְּדֵי אַרוֹיפְצוּ־
צוּבְּרֶענְגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם בְּרִית
פוּן גָאט אוֹיס דֶעם הוֹיז פוּן עוֹבֵד
אֱדוֹם מִיט פְרֵייד:
26 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וָוען גָאט
הָאט גֶעהָאלְפֶען דִיא לֵוִיִם צוּ טְרָאגֶען
דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם בְּרִית פוּן גָאט,
דָאס זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁאכְטֶען זִיבֶּען
אָקְסֶען אוּנְד זִיבֶּען ווִידֶער:
27 אוּנְד דָוִיד אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינְגֶעהִילְט
מִיט אַיין אוֹיבֶּערְמַאנְטֶעל פוּן פֵיינֶע
לֵיינֶעוַואנְד, אוּנְד אוֹיךְ אַלֶע לֵוִיִם וָואס
הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן, אוּנְד דִיא
זִינְגֶערְס, אוּנְד כְּנַנְיָה דֶער אוֹיבֶּער־
שְׁטֶער פוּן דִיא אוֹיפְהֵייבּוּנְג פוּן דִיא
זִינְגֶערְס, אוּנְד אוֹיף דָוִיד אִיז אוֹיךְ גֶע־
וֶועזֶען אַ לֵיינֶענֶער אֵפוֹד:
28 אַזוֹי הָאט גַאנְץ יִשְׂרָאֵל אַרוֹיפְגֶע־
בְּרֶענְגְט דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם בְּרִית פוּן
גָאט מִיט שַׁאלוּנְג אוּנְד מִיט דֶעם קוֹל
פוּן שׁוֹפָר, אוּנְד מִיט טְרָאמְפֵּייטֶען,
אוּנְד מִיט צִימְבֶּעלְן, זַייא הָאבֶּען עֶס
גֶעמַאכְט הֶערֶען מִיט פִידֶעלְן אוּנְד
הַארְפֶען:
29 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וָוען דֶער
אָרוֹן פוּן דֶעם בְּרִית פוּן גָאט אִיז אָנְ־
גֶעקוּמֶען אִין דִיא שְׁטָאט פוּן דָוִיד,
אַזוֹי הָאט מִיכַל דִיא טָאכְטֶער פוּן שָׁאוּל
אַרוֹיסְגֶעקוּקְט דוּרְךְ דֶעם פֶענְסְטֶער,
אוּנְד וָוען זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען דָוִיד
הַמֶּלֶךְ טַאנְצֶען אוּנְד שְׁפִּילֶען, אַזוֹי
הָאט זִיא אִיהְם פֶערַאכְט אִין אִיהְר
הַארְץ:

## קאפיטעל טז

1 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דֶעם
אָרוֹן פוּן גָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם

גֶעשְׁטֶעלְט אִין דֶער מִיטְּעֶן פוּן דֶעם
גֶעצֶעלְט וָואס דָוִיד הָאט פַאר אִיהְם
אײפְּגֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען קָרְבָּן עוֹלוֹת אוּנְד
קָרְבָּן שְׁלָמִים פַאר גָאט:
2 אוּנְד וָוען דָוִיד הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט
מַקְרִיב צוּ זֵיין דִיא קָרְבָּן עוֹלוֹת אוּנְד
שְׁלָמִים, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעבֶּענְשְׁט דָאס
פָאלְק אִין דֶעם נָאמֶען פוּן יְהוָֹה:
3 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעטֵיילְט צוּ
אִיטְלִיכֶען מַאן פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּן מַאן
בִּיז צוּ וַוייבּ, צוּ אִיטְלִיכֶען אַ לֵייבֶּעל
בְּרוֹיט אוּנְד אַ גוּט שְׁטִיק פְלֵיישׁ, אוּנְד
אַ רָאזִשִׁינְקֶע קוּכֶען:
4 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר
דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט מְשָׁרְתִים פוּן דִיא
לְוִיִם, אוּנְד צוּ גֶעדֶענְקֶען, אוּנְד צוּ
לוֹיבֶּען, אוּנְד צוּ פְּרֵייזֶען צוּ יְהוָֹה דֶעם
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל:
5 אָסָף אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער אוֹיבֶּער־
שְׁטֶער, אוּנְד דֶער צְוֵוייטֶער פוּן אִיהְם
אִיז גֶעוֶועזֶען זְכַרְיָה, יְעִיאֵל, אוּנְד
שְׁמִירָמוֹת, אוּנְד יְחִיאֵל, אוּנְד מַתִּתְיָה,
אוּנְד אֱלִיאָב, אוּנְד בְּנָיָהוּ, אוּנְד עוֹבֵד
אֱדוֹם, אוּנְד יְעִיאֵל מִיט דִיא כְּלֵי־זֶמֶר—
פִידֶעלֶן אוּנְד הַארְפֶען, אוּנְד אָסָף הָאט
גֶעמַאכְט הֶערֶען מִיט דִיא צִימְבֶּעלֶן:
6 אוּנְד בְּנָיָה, אוּנְד יַחֲזִיאֵל, דִיא
כּוֹהֲנִים מִיט טְרָאמְפֵּייטֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג
פַאר דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם בְּרִית פוּן
גָאט:
7 דֶענְסְמָאל, אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג,
הָאט דָוִיד אָנְגֶעשְׁטֶעלְט נָתָן אַלְס
אוֹיבֶּערְשְׁטֶען, כְּדֵי גָאט צוּ לוֹיבֶּען דוּרְךְ
אָסָף אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער:
8 דַאנְקְט צוּ יְהוָֹה, אוּנְד רוּפְט אָן
זֵיין נָאמֶען! מַאכְט וִויסֶען אוּנְטֶער
דִיא פֶעלְקֶער זֵיינֶע וֶוערְק:
9 זִינְגְט צוּ אִיהְם, לוֹיבְּט אִיהְם, רֶעדְט
פוּן אַלֶע זֵיינֶע וְואוּנְדֶער:
10 רִיהְמְט אֵייךְ אִין זֵיין הֵיילִיגֶען
נָאמֶען, לָאז זִיךְ דָאס הַארְץ פוּן דֶעם
פְּרֵייעֶן וָואס זוּכְט גָאט:
11 פָארְשְׁט נָאךְ יְהוָֹה אוּנְד זֵיינֶע
שְׁטַארְקְהֵייט, זוּכְט שְׁטֶענְדִיג זֵיין אָנְגֶע־
זִיכְט:
12 גֶעדֶענְקְט אָן זֵיינֶע וְואוּנְדֶער וָואס
עֶר הָאט גֶעטְהוּן; זֵיינֶע מוֹפְתִים אוּנְד
דִיא מִשְׁפָּטִים פוּן זֵיין מוֹיל:
13 אוֹי אִיהְר זָאמֶען פוּן יִשְׂרָאֵל זֵיין
קְנֶעכְט, אִיהְר קִינְדֶער פוּן יַעֲקֹב זֵיינֶע
אוֹיסְדֶערְוֶויילְטֶע:
14 עֶר אִיז יְהוָֹה אוּנְזֶער גָאט, זֵיינֶע
מִשְׁפָּטִים זֶענֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער
עֶרְד:
15 זֵיין בְּרִית זָאלְט אִיהְר גֶעדֶענְקֶען
בִּיז אֵייבִּיג; דָאס וָוארְט וֶועלְכֶעס עֶר
הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ טוֹיזֶענְד דוֹרוֹת:
16 וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶעמַאכְט מִיט
אַבְרָהָם, אוּנְד זֵיינֶע שְׁבוּעָה צוּ יִצְחָק:
17 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעגֶע־
שְׁטֶעלְט צוּ יַעֲקֹב פַאר אֵיין גֶעזֶעץ,
אוּנְד פַאר אֵיין אֵייבִּיגֶען בְּרִית צוּ
יִשְׂרָאֵל:
18 אַזוֹי צוּ זָאגֶען, צוּ דִיר וֶועל אִיךְ
גֶעבֶּען דָאס לַאנְד כְּנַעַן, דִיא שְׁנוּר פוּן
אֵייעֶר נַחֲלָה:
19 וָוען אִיהְר זֶענְט נָאךְ גֶעוֶועזֶען
קְלֵיין אִין דֶער צָאל, אַפִּילוּ וֵוייניג
אוּנְד פְרֶעמְדֶע דַארִין:
20 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען
פוּן אֵיין פָאלְק צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען פָאלְק,
אוּנְד פוּן אֵיין קֶענִיגְרֵייךְ צוּ אֵיין
אַנְדֶער פָאלְק:

21 עֶר הָאט נִיט צוּגְעלָאזְט דָאס אֵיין מֶענְשׁ זָאל זֵייא אוּנְטֶערְדְרִיקֶען, אוּנְד עֶר הָאט אַפִּילוּ וָועגֶען זֵייא מְלָכִים בֶּעשְׁטְרָאפְט:
22 אִיהְר זָאלְט נִיט אָנְרִיהְרֶען מֵיין גֶעזַאלְבְּטֶען, אוּנְד צוּ מֵיינֶע נְבִיאִים זָאלְט אִיהְר קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס נִיט טְהוּן:
23 זִינְגְט צוּ גָאט דָאס גַאנְצֶע לַאנְד, זָאגְט מְבַשֵּׂר פוּן טָאג צוּ טָאג זֵיינֶע יְשׁוּעָה:
24 דֶערְצֵיילְט צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם זֵיין כָּבוֹד; צְווִישֶׁען אַלֶע פָעלְקֶער זֵיינֶע וָואוּנְדֶער:
25 וָוארִין יְהֹוָה אִיז גְרוֹיס, אוּנְד עֶר אִיז זֶעהְר בֶּערִיהְמְט, אוּנְד עֶר אִיז פָארְכְטֶערְלִיךְ אִיבֶּער אַלֶע גֶעטֶער:
26 וָוארִין אַלֶע גֶעטֶער פוּן דִיא פֶעלְ־קֶער זֶענֶען גֶעצֶען, אָבֶּער יְהֹוָה הָאט גֶעמַאכְט דִיא הִימֶעלְן:
27 הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד שֵׁיינְקֵייט אִיז פַאר אִיהְם, שְׁטַארְקְהֵייט אוּנְד לוּסְטְ־בַּארְקֵייט אִיז אִין זֵיין אָרְט:
28 גֶעט צוּ גָאט אִיהְר מִשְׁפָּחוֹת פוּן דִיא פֶעלְקֶער, גֶעט צוּ גָאט כָּבוֹד אוּנְד שְׁטַארְקְהֵייט:
29 גֶעט צוּ גָאט דֶעם כָּבוֹד פוּן זֵיין נָאמֶען, בְּרֶענְגְט אַ קָרְבָּן מִנְחָה אוּנְד קוּמְט פַאר אִיהְם, בִּיקְט אֵייךְ צוּ גָאט אִין דֶער הֵיילִיגֶען שֵׁיינְהֵייט:
30 לָאז דִיא גַאנְצֶע עֶרְד (וֶועלְט) פַאר אִיהְם צִיטֶערְן, עֶר הָאט אוֹיךְ דִיא וֶועלְט בֶּעפֶעסְטִיגְט אַז זִיא זָאל נִיט אַוֶועקְגֶערִיקְט וֶוערֶען:
31 לָאזֶען זִיךְ דִיא הִימֶעלְן פְרֵייעֶן, אוּנְד לָאז דִיא עֶרְד פְרֵייליךְ זֵיין, אַז מֶען זָאל זָאגֶען צְווִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער יְהֹוָה רֶעגִירְט:
32 לָאז דָאס יַם שְׁטוּרְמֶען אוּנְד דִיא פוּלְהֵייט דֶערְפוּן, לָאזֶען זִיךְ דִיא פֶעלְדֶער פְרֵייעֶן, אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז דַארוֹיף:
33 דֶענְסְמָאל וֶועלֶען דִיא בֵּיימֶער פוּן דֶעם וַואלְד זִינְגֶען פַאר גָאט, וָוארִין עֶר קוּמְט צוּ מִשְׁפָּטִ׳ן דִיא עֶרְד:
34 אוֹי, דַאנְקְט גָאט, וָוארִין עֶר אִיז גוּט, וָוארִין זֵיין חֶסֶד אִיז בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג:
35 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זָאגֶען, הֶעלְף אוּנְס, אוֹי גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע הִילְף, אוּנְד זַאמֶעל אוּנְס אֵיין אוּנְד זֵייא אוּנְס מַצִּיל פוּן דִיא גוֹיִם, כְּדֵי מִיר זָאלֶען דַאנְקֶען דֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אוּנְד מִיר זָאלֶען אוּנְס רִיהְמֶען אִין דֵיין לוֹיבּ!
36 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז יְהֹוָה, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּן אֵייבִּיגְקֵייט צוּ אֵייבִּיגְקֵייט, אוּנְד לָאז דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאגֶען אָמֵן! אוּנְד לוֹיבְּט גָאט:
37 אוּנְד עֶר הָאט דָארְטֶען אִיבֶּערְ־גֶעלָאזְט פַאר דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם בְּרִית פוּן גָאט, אָסָף אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער, בֶּעשְׁטֶענְדִיג צוּ דִינֶען פַאר דֶעם אָרוֹן, נָאךְ דֶער אָרְדֶענוּנְג טָאג בֵּייא טָאג:
38 אוּנְד עוֹבֵד אֱדוֹם אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער, אַכְט אוּנְד זֶעכְצִיג, אוּנְד עוֹבֵד אֱדוֹם זוּהְן פוּן יְדוּתוּן, אוּנְד חוֹסָה הָאט עֶר גֶעלָאזְט זֵיין טִיהְר הִיטֶערְס:
39 אוּנְד צָדוֹק הַכֹּהֵן אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער דִיא כֹּהֲנִים פַאר דֶעם מִשְׁכָּן פוּן יְהֹוָה, בֵּייא דֶער בָּמָה וָואס אִיז אִין גִבְעוֹן:
40 כְּדֵי מַקְרִיב צוּ זֵיין עוֹלוֹת צוּ גָאט אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם קָרְבָּן

עולה

עולה, בּעשׁטענדיג אַלע מאָרגען אונד
אָבענד, אונד צו טהון נאָך אַלעם
וואָס שׁטייט געשׁריבּען אין דער תּורה
פון גאָט, וואָס ער האָט געבּאָטען פאַר
ישׂראל׃

41 אונד מיט זייא איז געוועזען הימן
אונד ידותון, אונד דיא איבּריגע אויס־
דערוויילטע וואָס זענען געוועזען איינ־
געשׁריבּען מיט דיא נעמען, צו לויבּען
גאָט, ווייל זיין חסד איז אויף אייבּיג׃

42 אונד מיט זייא איז געוועזען הימן
אונד ידותון, מיט טראָמפּייטען אונד
מיט צימבּעלן כּדי צו מאַכען הערען,
אונד מיט כּלי זמר פון גאָט, אונד
דיא זיהן פון דיא ידותון זענען גע־
וועזען טיער היטערם׃

43 אונד דאָס גאַנצע פאָלק זענען
אַהיים געגאַנגען, איטליכער צו זיין
הויז, אונד דויד האָט זיך אומגעקעהרט
צו בּענשׁען זיין הויזגעזינד׃

קאפּיטעל יז

1 אונד עס איז געוועזען ווען דויד
האָט געוואוינט אין זיין הויז, דאָס ער
האָט געזאָגט צו נתן הנביא, זעה איך
וואוין אין א הויז פון טענענבּיימער,
אונד דער אָרון פון דעם בּרית פון
יהוה איז אונטער דעם פאָרהאַנג׃

2 אונד נתן האָט געזאָגט צו דויד,
אַלעס וואָס איז אין דיין הארץ טהוא,
וואָרין גאָט איז מיט דיר׃

3 אונד עס איז געוועזען אין דיזעל־
בּיגע נאַכט, אַזוי איז דאָס וואָרט פון
גאָט געוועזען צו נתן אַזוי צו זאָגען׃

4 גייא אונד דוא זאָלסט זאָגען צו
מיין קנעכט דויד, אַזוי זאָגט יהוה,
דוא זאָלסט ניט בּויען פאַר מיר דאָס
הויז דאַרין צו וואוינען׃

5 וואָרין איך האָבּ ניט געוואוינט אין
קיין הויז פון דעם טאָג אָן ווען איך
האָבּ אַרויפגעבּראַכט ישׂראל בּיז צו
דעם היינטיגען טאָג, נייערט איך בּין
געגאַנגען פון איין געצעלט צום אַנדערן
געצעלט, אונד פון איין משׁכּן צום
אַנדערן׃

6 אַלערטוועגען ווען איך בּין אַרומ־
געגאַנגען מיט גאַנץ ישׂראל, האָבּ איך
עפּעס גערעט א וואָרט צו איינעם פון
דיא שׁופטים פון ישׂראל וואָס איך
האָבּ געבּאָטען צו פּאַשׁען מיין פאָלק,
אַזוי צו זאָגען, פאַרוואָס האָט איהר
מיר ניט געבּויעט איין הויז פון טע־
נענבּיימער׃

7 אונד אַצונד, אַזוי זאָלסט דוא
זאָגען צו מיין קנעכט, צו דויד, אַזוי
זאָגט יהוה צבאות, איך האָבּ דיך
אַוועקגענומען פון דעם שׁטאַל, פון
הינטער דיא שׁאָף כּדי דוא זאָלסט
זיין א פירשׁט איבּער מיין פאָלק
ישׂראל׃

8 אונד איך בּין מיט דיר געוועזען
אַלערטוועגען וואו דוא בּיזט אַהינ־
געגאַנגען, אונד איך האָבּ פערטילגט
אַלע דיינע פיינד פון פאַר דיר, אונד
איך האָבּ דיר געמאַכט א שׁם וויא
דער שׁם פון דיא גרויסע לייט וואָס
זענען אויף דער ערד׃

9 אונד איך וועל בּעשׁטימען איין
אָרט פאַר מיין פאָלק ישׂראל, אונד
איך וועל זייא פּלאַנצען, אונד זייא
וועלען וואוינען אין זייער שׁטעל, אונד
קיינער וועט זייא ניט מעהר דער־
שׁרעקען, אונד דיא קינדער פון אומ־
גערעכטיגקייט וועלען זייא ניט מעהר
פּייניגען אַזוי וויא צום ערשׁטען מאָל׃

10 אוּנְד פוּן דִיא טֶעג אָן הָאבּ אִיךְ בֶּעפוֹילֶען שׁוֹפְטִים אִיבֶּער מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט אַלֶע דֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד אִיךְ לָאז דִיר אָנְזָאגֶען אַז יְהוָֹה וֶועט דִיר אַ הויז אוֹיפְבּוֹיעֶן׃

11 אָבֶּער עֶס וֶועט זַיין וֶוען דֵיינֶע טֶעג וֶועלֶען דֶערְפִילְט וֶוערֶען, וֶוען דוּא וֶועסְט אַהִינְגֵיין צוּ דֵיינֶע פֶּעטֶער, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אוֹיפְשְׁטֶעלֶען דֵיין זָאמֶען נָאךְ דִיר, דֶער וָואס וֶועט זַיין פוּן דֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד אִיךְ וֶועל אָנְבְּרֵייטֶען זַיין קֶענִיגְרֵייךְ׃

12 עֶר וֶועט פַאר מִיר בּוֹיעֶן אַ הויז, אוּנְד אִיךְ וֶועל אָנְבְּרֵייטֶען זַיין טְרוֹין־שְׁטוּל בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג׃

13 אִיךְ וֶועל זַיין צוּ אִיהְם פַאר אַ פָאטֶער, אוּנְד עֶר וֶועט זַיין צוּ מִיר פַאר אַ זִיהְן, אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט אָפּ־טְהוּן פוּן אִיהְם מֵיין חֶסֶד, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ עֶס אָפְּגֶעטְהוּן פוּן דֶעם וָואס אִיז פַאר דִיר גֶעוֶועזֶען׃

14 אָבֶּער אִיךְ וֶועל אִיהְם אָנְשְׁטֶעלֶען אִין מֵיין הויז אוּנְד אִין מֵיין קֶענִיגְרֵייךְ בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג, אוּנְד זַיין טְרוֹין־שְׁטוּל זָאל אָנְגֶעבְּרֵייט זַיין בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג׃

15 נָאךְ אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער, אוּנְד נָאךְ אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע נְבוּאוֹת, אַזוֹי הָאט נָתָן גֶערֶעט צוּ דָוִד׃

16 אוּנְד דָוִד הַמֶלֶךְ אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט פַאר גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער בִּין אִיךְ, אוֹי יְהוָֹה, גָאט, אוּנְד וָואס אִיז מֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד דָאס דוּא הָאסְט מִיךְ גֶע־בְּרַאכְט בִּיז דָא אַהֶער?

17 אוּנְד דָאךְ אִיז דָאס נָאךְ גֶעוֶועזֶען אַ קְלֵיינֶע זַאךְ אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹי גָאט! וָוארִין דוּא הָאסְט נָאךְ גֶערֶעט וֶועגֶען דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דֵיין קְנֶעכְט פוּן אַ וַוייטֶע צַייט, אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ אָנְגֶעזֶעהֶען אַזוֹי וִויא דִיא גֶע־שְׁטַאלְט פוּן אַ מֶענְשׁ מִיט אַ גְרוֹיסֶע מַעֲלָה, אוֹי יְהוָֹה גָאט!

18 וָואס זָאל דָוִד נָאךְ מֶעהְר זָאגֶען צוּ דִיר פוּן דֶעם כָּבוֹד פוּן דֵיין קְנֶעכְט? אָבֶּער דוּא קֶענְסְט דָאךְ דֵיין קְנֶעכְט!

19 אוֹי יְהוָֹה! פוּן וֶועגֶען דֵיין קְנֶעכְט אוּנְד נָאךְ דֵיין אֵייגֶען הַארְץ הָאסְט דוּא גֶעטְהוּן דִיא גַאנְצֶע דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע זַאךְ, אַז דוּא זָאלְסְט אִיהְם לָאזֶען וִויסֶען אַלֶע דִיזֶע גְרוֹיסֶע זַאכֶען׃

20 אוֹי יְהוָֹה, עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט דָא וָואס אִיז גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דוּא, אוּנְד חוּץ דִיר אִיז נִיט דָא קֵיין גָאט, נָאךְ אַלֶעס וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹיעֶרֶען׃

21 אוּנְד וֶוער אִיז אֵיין פָאלְק אִין דִיא עֶרְד אַזוֹי וִויא דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, וָואס גָאט אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אִיהְם צוּ דֶערְ־לֵייזֶען צוּ זִיךְ פַאר זַיין פָאלְק, אוּנְד דִיר צוּ מַאכֶען אַ שֵׁם פוּן גְרוֹיסְקֵייט אוּנְד פָארְכְטֶערְלִיכְקֵייט, צוּ פֶערְטְרֵייבֶּען פֶעלְקֶער פוּן פַאר דֵיין פָאלְק וָואס דוּא הָאסְט אוֹיסְגֶעלֵייזְט אוֹיס מִצְרַיִם׃

22 אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעמַאכְט דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל צוּ דִיר פַאר אַ פָאלְק אוֹיף אֵייבִּיג, אוּנְד דוּא אוֹי יְהוָֹה, בִּיזְט גֶעוָוארֶען צוּ זֵייעֶר גָאט׃

23 אוּנְד אַצוּנְד, אוֹי יְהוָֹה, לָאז דָאס וָוארְט וָואס דוּא הָאסְט גֶערֶעט וֶועגֶען דֵיין קְנֶעכְט אוּנְד וֶועגֶען זַיין הוֹיזְגֶע־זִינְד (מְקוּיָם) וָואהְר וֶוערֶען בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג׃

לאז

24 לָאז עֶס וָואהר וֶוערֶען כְּדֵי דַיין נָאמֶען זָאל גְרױס וֶוערֶען בִּיז אױף אֵייבִּיג אַזױ צוּ זָאגֶען, אַז יְהֹוָה צְבָאוֹת דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיז דֶער גָאט צוּ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד לָאז דָאס הױז פוּן דַיין קְנֶעכְט דָוִיד אָנְגֶעבְּרֵייט זַיין פַאר דִיר:

25 וָוארִין דוּא אוֹי מֵיין גָאט, הָאסְט עֶנְטפְּלֶעקְט צוּ דֶעם אוֹיעֶר פוּן דַיין קְנֶעכְט אַז דוּא וֶועסְט צוּ אִיהְם בּוֹיעֶן אַ הוֹיז, דָארוּם הָאט דַיין קְנֶעכְט גֶע־פוּנֶען (אִין זַיין הַארְץ) צוּ בֶּעטֶען פַאר דִיר:

26 אוּנְד אַצוּנְד, אוֹי יְהֹוָה, דוּא בִּיזְט גָאט, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶערֶעט וֶועגֶען דַיין קְנֶעכְט דָאס דָאזִיגֶע גוּטֶעס:

27 אוּנְד אַצוּנְד, לָאז עֶס זַיין דַיין ווִילֶען צוּ בֶּענְשֶׁען דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דַיין קְנֶעכְט, אַז עֶס זָאל זַיין אוֹיף אֵייבִּיג פַאר דִיר, וָוארִין וֶועמֶען דוּא אוֹי יְהֹוָה טְהוּסְט בֶּענְשֶׁען, דֶער אִיז גֶעבֶּענְשְׁט אוֹיף אֵייבִּיג:

## קאפיטעל יח

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶעם, אַזוֹי הָאט דָוִיד גֶעשְׁלָאגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעמַאכְט אוּנְטֶערְ־טֶענִיג, אוּנְד עֶר הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען גַת אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער פוּן דֶער הַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים:

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען מוֹאָב, אוּנְד דִיא מוֹאָבִים זֶענֶען גֶעוָוארֶען קְנֶעכְט צוּ דָוִיד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט גֶעשֶׁענְקֶע:

3 אוּנְד דָוִיד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען הֲדַרְעֶזֶר דֶעם מֶלֶךְ פוּן צוֹבָה אִין חֲמָת, וָוען עֶר אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען זַיינֶע גְרֶענֶעץ אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען בַּייא דֶעם פְּרָת:

4 אוּנְד דָוִיד הָאט פוּן אִיהְם אַיינְגֶע־נוּמֶען טוֹיזֶענְד רֵייטְוֶועגֶען, אוּנְד זִיבֶּען טוֹיזֶענְד רֵייטֶער, אוּנְד צְוַאנְצִיג טוֹיזֶענְד מַאן צוּ פוּס, אוּנְד דָוִיד הָאט אוֹיסְגֶע־רִיסֶען אַלֶע רֵייטְוֶועגֶען, אוּנְד עֶר הָאט נָאר דֶערְפוּן אִיבֶּערְגֶעלָאזְט הוּנְדֶערְט רֵייטְוֶועגֶען:

5 אוּנְד אֲרַם דַרְמֶשֶׂק אִיז גֶעקוּמֶען צוּ הֶעלְפֶען דֶעם הֲדַרְעֶזֶר מֶלֶךְ פוּן צוֹבָה, אָבֶּער דָוִיד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען אִין אֲרָם צְוֵייא אוּנְד צְוַאנְצִיג טוֹיזֶענְד מַאן:

6 אוּנְד דָוִיד הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט (אַ חַיִל) אִין אֲרַם דַרְמֶשֶׂק, אַזוֹי זֶענֶען דִיא לֵייט פוּן אֲרָם גֶעוָוארֶען קְנֶעכְט צוּ דָוִיד, זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט גֶע־שֶׁענְק; אוּנְד גָאט הָאט דָוִיד גֶעהָאלְפֶען אַלֶערְטְוֶועגֶען וְואוּ עֶר אִיז אַהִינְגֶע־גַאנְגֶען:

7 אוּנְד דָוִיד הָאט גֶענוּמֶען דִיא גָאלְדֶענֶע שִׁילְדֶען וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דִיא קְנֶעכְט פוּן הֲדַרְעֶזֶר אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם:

8 אוּנְד אוֹיךְ פוּן טִבְחַת, אוּנְד פוּן פוּן, דִיא שְׁטֶעט פוּן הֲדַרְעֶזֶר, הָאט דָוִיד אַוֶועקְגֶענוּמֶען זֶעהְר פִיל קוּפֶּער, דֶערְמִיט הָאט שְׁלֹמֹה גֶעמַאכְט דָאס קוּפֶּערְנֶע יַם, אוּנְד דִיא זֵיילֶען, אוּנְד אַלֶערְלֵייא קוּפֶּערְנֶע כֵּלִים:

9 אוּנְד וָוען תּוֹעוּ מֶלֶךְ פוּן חֲמָת הָאט גֶעהֶערְט אַז דָוִיד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דָאס גַאנְצֶע חַיִל פוּן הֲדַרְעֶזֶר מֶלֶךְ פוּן צוֹבָה:

10 אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט זַיין זוּהְן הֲדוֹרָם צוּ דָוִיד הַמֶּלֶךְ, כְּדֵי אִיהְם צוּ פְרֶעגֶען אוּם שָׁלוֹם, אוּנְד אִיהְם צוּ בֶּענְשֶׁען, ווַייל עֶר הָאט מִלְחָמָה

גֶעהַאלְטֶען מִיט הֲדַרְעָזֶר אוּנְד עֶר הָאט
אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, (וָוארִין תּוֹעוּ הָאט
אוֹיךְ מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט הֲדַרְעָזֶר),
אוּנְד מִיט אִיהְם אַלֶערְלֵייא גָאלְדֶענֶע
אוּנְד זִילְבֶּערְנֶע אוּנְד קוּפֶּערְנֶע כֵּלִים:
11 אוֹיךְ זַייא הָאט דָוִיד הַמֶּלֶךְ גֶע־
הֵיילִיגְט צוּ גָאט מִיט דֶעם זִילְבֶּער
אוּנְד גָאלְד וָואס עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט
פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער, פוּן אֱדוֹם, אוּנְד
פוּן מוֹאָב, אוּנְד פוּן דִיא בְּנֵי עַמּוֹן,
אוּנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד פוּן
עֲמָלֵק:
12 אוּנְד אַבְשַׁי זוּהְן פוּן צְרוּיָה הָאט
גֶעשְׁלָאגֶען פוּן אֱדוֹם אִין דֶעם זַאלְץ־
טְהָאל אַכְצֶעהְן טוֹיזֶענְד:
13 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט אִין
אֱדוֹם הַארָען, אוּנְד גַאנְץ אֱדוֹם זָענֶען
גֶעוֶועזֶען קְנֶעכְט צוּ דָוִיד, אוּנְד גָאט
הָאט דָוִיד גֶעהָאלְפֶען אִין אַלֶע עֶרְטֶער
וָואוּ עֶר אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען:
14 אוּנְד דָוִיד הָאט רֶעגִירְט אִיבֶּער
גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן
רֶעכְט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ זֵיין
גַאנְץ פָאלְק:
15 אוּנְד יוֹאָב זוּהְן פוּן צְרוּיָה אִיז
גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דֶעם חַיִל, אוּנְד יְהוֹשָׁפָט
זוּהְן פוּן אֲחִילוּד אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער
דֶערְמָאנֶער:
16 אוּנְד צָדוֹק זוּהְן פוּן אֲחִיטוּב,
אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ זוּהְן פוּן אֶבְיָתָר זָענֶען
גֶעוֶועזֶען כּוֹהֲנִים, אוּנְד שַׁוְשָׁא אִיז
גֶעוֶועזֶען דֶער שְׁרֵייבֶּער (סוֹפֵר):
17 אוּנְד בְּנָיָהוּ זוּהְן פוּן יְהוֹיָדָע אִיז
גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דִיא כְּרֵתִי, אוּנְד אִיבֶּער
דִיא פְּלֵתִי, אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן דָוִיד
זָענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע בַּייא דֶער
הַאנְד פוּן דֶעם מֶלֶךְ:

## קאַפּיטעל יט

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶעם,
דָאס נָחָשׁ דֶער מֶלֶךְ פוּן דִיא בְּנֵי עַמּוֹן
אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד זֵיין זוּהְן הָאט
רֶעגִירְט אִין זֵיינֶער שְׁטֶעל:
2 אוּנְד דָוִיד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל
טְהוּן חֶסֶד מִיט חָנוּן זוּהְן פוּן נָחָשׁ,
ווייל זֵיין פָאטֶער הָאט גֶעטְהוּן חֶסֶד
מִיט מִיר, אוּנְד דָוִיד הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט
שְׁלוּחִים אִיהְם צוּ טְרֵייסְטֶען וֶועגֶען זֵיין
פָאטֶער, אוּנְד אַזוֹי זָענֶען דִיא קְנֶעכְט
פוּן דָוִיד אָנְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם לַאנְד
פוּן דִיא בְּנֵי עַמּוֹן צוּ חָנוּן כְּדֵי אִיהְם
צוּ טְרֵייסְטֶען:
3 אָבֶּער דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דִיא בְּנֵי
עַמּוֹן הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ חָנוּן, מֵיינְסְט
דוּא אַז דָוִיד הַאלְט בְּכָבוֹד דֵיין פָאטֶער
אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, ווייל עֶר הָאט צוּ
דִיר גֶעשִׁיקְט טְרֵייסְטֶערְס? זָענֶען נִיט
זֵיינֶע קְנֶעכְט פִיל מֶעהְר צוּ דִיר גֶע־
קוּמֶען אוֹיסְצוּפָארְשֶׁען אוּנְד אוֹיסְצוּ־
שְׁפֶּעהֶען דָאס לַאנְד?
4 אַזוֹי הָאט חָנוּן גֶענוּמֶען דִיא קְנֶעכְט
פוּן דָוִיד אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אָפְּגֶע־
שׁוֹירֶען, אוּנְד אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען זֵיירֶע
קְלֵיידֶער אִין דִיא הֶעלְפְט בִּיז צוּ דִיא
לֶענְדֶען (שָׁאנְד טֵייל) אוּנְד עֶר הָאט
זֵייא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט:
5 אוּנְד מֶען אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד
מֶען הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ דָוִיד (וִויא
מֶען הָאט) דִיא מֶענֶער (בֶּעהַאנְדֶעלְט),
אוּנְד עֶר הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט זֵייא צוּ
בֶּעגֶעגְנֶען, וָוארִין דִיא מֶענֶער הָאבֶּען
זִיךְ גֶעשֶׁעמְט, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט
גֶעזָאגְט בְּלֵייבְּט אִין יְרֵחוֹ בִּיז אֵיירֶע
בֶּערְד וֶועלֶען וַואקְסֶען, אוּנְד דֶערְנָאךְ
זָאלְט אִיהְר צוּרִיקְקוּמֶען:

6 װען דיא בְּנֵי עַמּוֹן הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
אַז זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט שְׁטִינְקֶענְדִיג
בַּייא דָוִיד, אַזוֹי הָאט חָנוּן אוּנְד דִיא
בְּנֵי עַמּוֹן גֶעשִׁיקְט טוֹיזֶענְד צֶענְטְנֶער
זִילְבֶּער פַאר זִיךְ צוּ דִינְגֶען רַייטְװֶעגֶען
אוּנְד רַייטֶער פוּן אֲרַם נַהֲרַיִם, אוּנְד
פוּן אֲרַם מַעֲכָה אוּנְד פוּן צוֹבָה׃
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעדִינְגֶען
צְװֵייא אוּנְד דְרֵייסִיג טוֹיזֶענְד רַייטְ־
װֶעגֶען, אוּנְד דֶעם מֶלֶךְ פוּן מַעֲכָה
אוּנְד זַיין פָאלְק, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט
פַאר מֵידְבָה, אוּנְד דִיא בְּנֵי עַמּוֹן
הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט אוֹיס זֵייעֶרֶע
שְׁטֶעט אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ
דֶער מִלְחָמָה׃
8 אוּנְד װען דָוִיד הָאט דָאס גֶעהֶערְט
אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט יוֹאָב אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע חַיִל פוּן דִיא גִבּוֹרִים׃
9 אוּנְד דִיא בְּנֵי עַמּוֹן זֶענֶען אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶע־
בְּרֵייט צוּ דֶער מִלְחָמָה אָן דֶער טֵיעֶר
פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד דִיא מְלָכִים
װָאס זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען זֶענֶען גֶעװֶעזֶען
בְּעזוּנְדֶערְס אוֹיף דֶעם פֶעלְד׃
10 אוּנְד װען יוֹאָב הָאט גֶעזֶעהֶען אַז
דִיא מִלְחָמָה אִיז פַאר אִיהְם גֶעװֶעזֶען
פוּן פָארְנְט אוּנְד פוּן הִינְטֶען אַזוֹי
הָאט עֶר אוֹיסְדֶערְװֶיילְט פוּן אַלֶע
אוֹיסְדֶערְװֶיילְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא אָנְגֶעבְּרֵייט אֶנְטְקֶעגֶען
אֲרָם׃
11 אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע פוּן דֶעם
פָאלְק הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אִין דִיא
הַאנְד פוּן אַבְשַׁי זַיין בְּרוּדֶער, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעבְּרֵייט אֶנְטְקֶעגֶען
דִיא בְּנֵי עַמּוֹן׃
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, װען אֲרָם
װֶעט צוּ שְׁטַארְק זַיין פַאר מִיר אַזוֹי
זָאלְסְט דוּא מִיר הֶעלְפֶען, אוּנְד װען
דִיא בְּנֵי עַמּוֹן װֶעלֶען צוּ שְׁטַארְק זַיין
פַאר דִיר אַזוֹי װֶעל אִיךְ דִיר הֶעלְפֶען׃
13 זֵייא שְׁטַארְק, אוּנְד לָאמִיר אוּנְס
שְׁטַארְקֶען פוּן װֶעגֶען אוּנְזֶער פָאלְק,
אוּנְד װֶעגֶען דִיא שְׁטֶעט פוּן אוּנְזֶער
גָאט, אוּנְד לָאז יְהֹוָה טְהוּן דָאס װָאס
אִיז גוּט אִין זַיינֶע אוֹיגֶען׃
14 אַזוֹי הָאבֶּען יוֹאָב אוּנְד דָאס
פָאלְק װָאס אִיז מִיט אִיהְם גֶעװֶעזֶען
זִיךְ גֶענֶעהֶנְט פַאר אֲרָם צוּ דֶער
מִלְחָמָה, אוּנְד זֵייא זֶענֶען פַאר אִיהְם
אֶנְטְלָאפֶען גֶעװָארֶען׃
15 אוּנְד װען דִיא בְּנֵי עַמּוֹן הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען אַז אֲרָם אִיז אֶנְטְלָאפֶען, אַזוֹי
זֶענֶען זֵייא אוֹיךְ אֶנְטְלָאפֶען פַאר אַבְשַׁי
זַיין בְּרוּדֶער, אוּנְד זֶענֶען אַרַיינְגֶעקוּמֶען
אִין דִיא שְׁטָאט, אוּנְד יוֹאָב אִיז גֶע־
קוּמֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם׃
16 אוּנְד װען אֲרָם הָאט גֶעזֶעהֶען אַז
זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁלָאגֶען גֶעװָארֶען פַאר
יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט
שְׁלוּחִים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעגֶע־
בְּרַאכְט (דָאס פָאלְק פוּן) אֲרָם װָאס
אִיז גֶעװֶעזֶען פוּן יֶענֶער זַייט פוּן דֶעם
טַייךְ, אוּנְד שׁוֹפַךְ דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער
פוּן דֶעם חַיִל פוּן הֲדַרְעֶזֶר אִיז גֶעװֶעזֶען
פַאר זֵייא׃
17 אוּנְד מֶען הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ
דָוִיד, אַזוֹי הָאט עֶר אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט
גַאנְץ יִשְׂרָאֵל אוּנְד עֶר אִיז אַרִיבֶּערְגֶע־
גַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד עֶר
אִיז צוּ זֵייא אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ קֶעגֶען זֵייא אָנְגֶעבְּרֵייט, אוּנְד
דָוִיד הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט אַ מִלְחָמָה

קֶענִגען אֲרָם, אוּנְד עֶר הָאט מִיט
אִיהְם מִלְחָמָה גֶעהאַלְטֶען:
18 אוּנְד אֲרָם אִיז אֶנְטְלָאפֶּען גֶעוָוא־
רֶען פַאר יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דָוִיד הָאט
דֶערשְׁלָאגֶען פוּן אֲרָם זִיבֶּען טוֹיזֶענְד
מַאן אִין רַייטְוָועגֶען, אוּנְד פִירְצִיג
טוֹיזֶענְד מַאן צוּ פוּס, אוּנְד שׁוֹפָךְ דֶעם
אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דֶעם חַיִל הָאט עֶר
גֶעטֶייטֶעט:
19 אוּנְד וָוען דִיא קְנֶעכְט פוּן הֲדַרְעֶזֶר
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז זַייא זֶענֶען גֶע־
שְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען פַאר יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי
הָאבֶּען זַייא שָׁלוֹם גֶעמַאכְט מִיט דָוִיד:
אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעדִינְט, אוּנְד
אֲרָם הָאט נִיט מֶעהְר גֶעוָואלְט הֶעלְפֶען
דִיא בְּנֵי־עַמּוֹן:

קאפיטעל כ

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ דֶער
צַייט וָוען דָאס יָאהְר הָאט זִיךְ
אוּמְגֶעקֶעהְרְט, צוּ דֶער צַייט וָוען דִיא
מְלָכִים גֵייעֶן אַרוֹיס, אַזוֹי הָאט יוֹאָב
אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט דָאס חַיִל (פוּן דֶער
מִלְחָמָה) אוּנְד עֶר הָאט פֶערְדָארְבֶּען
דָאס לַאנְד פוּן דִיא בְּנֵי־עַמּוֹן, אוּנְד
עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט
בֶּעלַאגֶערְט רַבָּה, אוּנְד דָוִיד אִיז
גֶעבְּלִיבֶּען אִין יְרוּשָׁלַיִם; אוּנְד יוֹאָב
הָאט גֶעשְׁלָאגֶען רַבָּה אוּנְד הָאט זִיא
אָפְּגֶעבְּרָאכֶען:
2 אוּנְד דָוִיד הָאט אַרוּפְּגֶענוּמֶען דִיא
קְרוֹין פוּן דֶעם קָאפּ פוּן זַייעֶר קֶענִיג,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעפוּנֶען אַז זִיא הָאט
גֶעוואוֹיגֶען אַ צֶענְטְנֶער גָאלְד, אוּנְד
עֶס אִיז אִין אִיהְר אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אַ
טִייעֶרֶער שְׁטֵיין, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוָוארֶען
פַאר דֶעם קָאפּ פוּן דָוִיד, אוּנְד עֶר
הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶער שְׁטָאט
זֶעהְר פִּיל זַאק־רוֹיב:
3 אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט
דָאס פָאלְק וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין
דֶער שְׁטָאט, אוּנְד עֶר הָאט זַייא
צוּהַאקְט מִיט זֶעגֶען אוּנְד מִיט אֵייזֶערְנֶע
הֶעק אוּנְד מִיט קְלֵיינֶע זֶעגֶען; אוּנְד אַזוֹי
הָאט דָוִיד גֶעטְהוּן צוּ אַלֶע שְׁטֶעט פוּן
דִיא בְּנֵי־עַמּוֹן; אוּנְד דָוִיד אוּנְד דָאס
פָאלְק הָאבֶּען צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם:
4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאכְדֶעם,
אַזוֹי הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אַ מִלְחָמָה
אִין גֶזֶר מִיט דִיא פְּלִשְׁתִּים, דֶענְסְמָאל
הָאט סִבְּכַי דֶער חֻשָׁתִי גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם
סִפַּי וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא קִינְדֶער
פוּן רָפָא, אוּנְד עֶר הָאט זַייא אוּנְטֶערְ־
טֶענִיג גֶעמַאכְט:
5 אוּנְד עֶס אִיז נָאכְמָאל גֶעוֶועזֶען
אַ מִלְחָמָה מִיט דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד
אֶלְחָנָן זוּהְן פוּן יָעִיר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען
דֶעם לַחְמִי, בְּרוּדֶער פוּן גָלְיָת דֶעם
גִתִּי, אוּנְד דִיא שְׁטַאנְג פוּן זַיין שְׁפִּיז
אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא אַ וֶועבֶּער'ס
בּוֹים:
6 אוּנְד עֶס אִיז נָאכְמָאל גֶעוֶועזֶען
אַ מִלְחָמָה אִין גַת, אוּנְד עֶס אִיז
דָארְט גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶער מַאן וָואס
הָאט גֶעהַאט זֶעקְס פִינְגֶער אוֹיף אִיטְ־
לִיכֶע הַאנְד אוּנְד פוּס, פִיעֶר אוּנְד
צְוַואנְצִיג צוּזַאמֶען, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיךְ
גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען צוּ רָפָא:
7 אוּנְד עֶר הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעלֶעסְטֶערְט,
אוּנְד יְהוֹנָתָן זוּהְן פוּן שִׁמְעָא, דֶער
בְּרוּדֶער פוּן דָוִיד הָאט אִיהְם דֶער־
שְׁלָאגֶען:
8 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען גֶע־
וָוארֶען צוּ דֶעם רָפָא אִין גַת, אוּנְד

זייא זענען געפאלען דורך דיא האנד פון דוד אונד דורך דיא האנד פון זיינע קנעכט:

## קאפיטעל כא

1 אונד דער שטן איז אויפגעשטאנען קעגען ישראל, אונד ער האט דוד אנגערייצט אז ער זאל ציילען דיא ישראל:

2 אונד דוד האט געזאגט צו יואב אונד צו דיא אויבערשטע פון דעם פאלק, גייט אונד ציילט דיא ישראל פון באר שבע ביז נאך דן, אונד ברענגט מיר דיא צאל כדי איך זאל עס וויסען:

3 אזוי האט יואב געזאגט, לאז יהוה פערמעהרען צו זיין פאלק נאך א הונדערט מאל אזוי פיל וויא זייא זענען, אבער מיין האר קעניג, זענען זייא ניט אלע דיינע קנעכט? פארוואס פערלאנגט מיין האר דאס דאזיגע? פארוואס זאל דאס זיין א זינד צו ישראל?

4 אבער דאס ווארט פון דעם מלך איז געוועזען שטארק קעגען יואב, אונד יואב איז ארויסגעגאנגען, אונד ער איז דורכגעגאנגען אין גאנץ ישראל, אונד ער איז געקומען נאך ירושלים:

5 אונד יואב האט אפגעגעבען דיא צאל פון דיא געציילטע פון דעם פאלק צו דוד, אונד גאנץ ישראל איז געוועזען טויזענד מאל טויזענד, אונד איין הונדערט טויזענד מאן וואס האבען געקענט ציהען דאס שווערד; אונד פון יהודה זענען געוועזען פיער הונדערט אונד זיבעציג טויזענד מאן וואס האבען געקענט ציהען דאס שווערד:

6 אבער לוי אונד בנימין האט מען ניט צווישען זייא געציילט, ווארין דעם קעניג'ס ווארט איז דעם יואב פעראומווערדיגט געוואָרען:

7 אונד דיא דאזיגע זאך איז איבעל געוועזען אין דיא אויגען פון גאט, אונד ער האט ישראל געשלאגען:

8 אונד דוד האט געזאגט צו גאט, איך האב זעהר געזינדיגט, ווייל איך האב געטהון דיא דאזיגע זאך, אונד אצונד לאז דאך דיא זינד פון דיין קנעכט איבערפארען, ווייל איך בין זעהר נאריש געוועזען:

9 אונד גאט האט גערעט צו גד דוד'ס נביא, אזוי צו זאגען:

10 גייא אונד דוא זאלסט רעדען צו דוד, אזוי צו זאגען, אזוי זאגט יהוה, איך לייג דיר פאר דרייא זאכען, דערוויילע דיר איינם פון זייא, כדי איך זאל עס צו דיר טהון:

11 אזוי איז גד געקומען צו דוד אונד ער האט צו איהם געזאגט, אזוי זאגט יהוה ענטפאנג עס פאר דיר:

12 אויב דרייא יאהר הונגער, אדער דרייא חדשים פערטילגט צו ווערען פון פאר דיינע פיינד אונד דאס שווערד פון דיינע פיינד זאל דיך דערגרייכען, אדער דרייא טעג דאס שווערד פון יהוה, אונד אז מארד זאל זיין אין דעם לאנד, אונד דער מלאך פון גאט זאל פערדארבען אין דיא גאנצע גרענעץ פון ישראל; אונד אצונד זעה וואס פאר א ווארט איך זאל ענטפערן צו דעם וואס האט מיך געשיקט:

13 אונד דוד האט געזאגט צו גד,

עֶס אִיז מִיר זֶעהְר לֵייד, אִיךְ ווִיל
לִיבֶּער פַאלֶען אִין דִיא הַאנְד פוּן גָאט
ווָארִין זֵיינֶע בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייטֶען זֶענֶען
זֶעהְר פִיל אָבֶּער אִין דִיא הַאנְד פוּן
מֶענְשֶׁען ווִיל אִיךְ נִיט פַאלֶען׃
14 אַזוֹי הָאט יְהֹוָה גֶעשִׁיקְט אַ מָארְד
אִין יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶס אִיז גֶעפַאלֶען
פוּן יִשְׂרָאֵל זִיבֶּעצִיג טוֹיזֶענְד מַאן׃
15 אוּנְד גָאט הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט אַ
מַלְאָךְ צוּ פֶערְדַארְבֶּען יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
ווִיא עֶר הָאט פֶערְדָארְבֶּען אַזוֹי הָאט
עֶס יְהֹוָה גֶעזֶעהֶען, אוּנְד עֶס הָאט
אִיהְם לֵייד גֶעטְהוּן ווֶעגֶען דֶעם בֵּייזֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַלְאָךְ
הַמַּשְׁחִית, עֶס אִיז שׁוֹין גֶענוּג, הַאלְט
אַצוּנְד צוּרִיק דֵיינֶע הַאנְד; אַזוֹי אִיז
דֶער מַלְאָךְ פוּן גָאט שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען
בֵּייא דִיא דְרֶעשׁ שֵׁייעֶר פוּן אָרְנָן דֶעם
יְבוּסִי׃
16 אוּנְד דָוִיד הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
זֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען
דֶעם מַלְאַךְ פוּן יְהֹוָה שְׁטֵיין צְווִישֶׁען
דֶער עֶרְד אוּנְד צְווִישֶׁען דֶעם הִימֶעל,
אוּנְד אַ בְּלוֹיסֶעס שְׁווֶערְד אִין זֵיינֶע
הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט אִיבֶּער יְרוּשָׁלַיִם,
אַזוֹי אִיז דָוִיד, אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע (פוּן
יִשְׂרָאֵל) ווָאס זֶענֶען גֶעווֶעזֶען בֶּעדֶעקְט
מִיט זָעק גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵייעֶר פָּנִים׃
17 אוּנְד דָוִיד הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט,
בִּין אִיךְ עֶס נִיט ווָאס אִיךְ הָאבּ גֶע־
זָאגְט אַז מֶען זָאל צֵיילֶען דָאס פָאלְק?
אִיךְ בִּין דֶער ווָאס אִיךְ הָאבּ גֶע־
זִינְדִיגְט, אוּנְד הָאבּ גֶעטְהוּן דָאס
שְׁלֶעכְטֶע, אָבֶּער דִיא דָאזִיגֶע שָׁאף,
ווָאס הָאבֶּען זֵייא גֶעטְהוּן? אוֹי יְהֹוָה
מֵיין גָאט, לָאז דָאךְ דֵיינֶע הַאנְד זֵיין
קֶעגֶען מִיר אוּנְד קֶעגֶען מֵיין פָאטֶערְס
הוֹיז, אָבֶּער לָאז דָאךְ נִיט דֶער מָארְד
זֵיין אִיבֶּער דֵיין פָאלְק׃
18 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ פוּן יְהֹוָה הָאט
גֶעזָאגְט צוּ גָד אַז עֶר זָאל זָאגֶען צוּ
דָוִיד, אַז דָוִיד זָאל אַרוֹיפְגֵיין, אוּנְד עֶר
זָאל אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אַ מִזְבֵּחַ צוּ יְהֹוָה
אִין דֶער דְרֶעשׁ שֵׁייעֶר פוּן אָרְנָן
הַיְבוּסִי׃
19 אַזוֹי אִיז דָוִיד אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ
דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן גָד ווָאס הָאט גֶע־
רֶעט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן יְהֹוָה׃
20 אוּנְד ווֶען אָרְנָן הָאט זִיךְ אוּמְ־
גֶעקֶעהְרְט אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען דֶעם
מַלְאָךְ, אוּנְד זֵיינֶע פִיעֶר זִיהְן הָאבֶּען
זִיךְ מִיט אִיהְם בֶּעהַאלְטֶען, ווָארִין
אָרְנָן הָאט גֶעדְרֶעשְׁט ווֵייץ׃
21 אוּנְד דָוִיד אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אָרְנָן,
אוּנְד ווֶען אָרְנָן הָאט גֶעקוּקְט אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דָוִיד אַזוֹי אִיז עֶר
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דִיא שֵׁייעֶר, אוּנְד
עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דָוִיד מִיט
זֵיין פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד׃
22 אוּנְד דָוִיד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אָרְנָן,
גֶעבּ מִיר דֶעם אָרְט פוּן דִיא שֵׁייעֶר,
אַז אִיךְ זָאל דַארוֹיף בּוֹיעֶן אַ מִזְבֵּחַ
צוּ יְהֹוָה, דוּא זָאלְסְט עֶס מִיר גֶעבֶּען
פַאר דָאס פוּלֶע גֶעלְד, כְּדֵי דִיא מַגֵּפָה
זָאל צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען ווֶערֶען פוּן דֶעם
פָאלְק׃
23 אוּנְד אָרְנָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִיד,
נֶעם עֶס צוּ דִיר, אוּנְד לָאז מֵיין הַאר
דֶער מֶלֶךְ טְהוּן ווָאס אִיז גוּט אִין
זֵיינֶע אוֹיגֶען, זֶעה אִיךְ גֶעבּ דִיר אוֹיךְ
רִינְדֶער פַאר אַ קָרְבָּן עוֹלָה, אוּנְד אוֹיךְ
דִיא דְרֶעשׁ הֶעלְצֶער, אוּנְד דָאס ווֵייץ
פַאר אַ קָרְבָּן מִנְחָה, אַלֶעס גֶעבּ אִיךְ
דִיר׃

24 אוּנְד דָוִיד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט
צוּ אָרְנָן, נֵיין, גֵייעֶרְט אִיךְ וֶועל עֶס
גֶעווִיס קויפֶען פַאר פוּלֶעס גֶעלְד,
וָוארִין אִיךְ וֶועל נִיט נֶעמֶען דָאס וָואס
אִיז דֵיין פַאר גָאט, אוּנְד מַקְרִיב זַיין
אַ קָרְבָּן עוֹלָה בְּחִנָם׃
25 אַזוֹי הָאט דָוִיד גֶעגֶעבֶּען צוּ אָרְנָן
פַאר דֶעם אָרְט גֶעווָאוִיגֶענֶעס גֶעלְד
זֶעכְס הוּנְדֶערְט גָאלְדֶענֶע שְׁקָלִים׃
26 אַזוֹי הָאט דָוִיד דָארְטֶען גֶעבּוֹיעֶט
אַ מִזְבֵּחַ צוּ יְהוָֹה, אוּנְד עֶר הָאט
מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען עוֹלוֹת אוּנְד שְׁלָמִים,
אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶערוּפֶען צוּ גָאט,
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט
פַייעֶר פוּן דֶעם הִימֶעל אוֹיף דֶעם
מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם קָרְבָּן עוֹלָה׃
27 אוּנְד יְהוָֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מַלְאָךְ אַז עֶר זָאל צוּרִיקְקֶעהְרֶען דָאס
שְׁוֶוערְט אִין דִיא שֵׁייד׃
28 אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער צֵייט וֶוען
דָוִיד הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס גָאט הָאט
אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט אִין דֶער שֵׁייעֶר
פוּן אָרְנָן דֶעם יְבוּסִי, אַזוֹי הָאט עֶר
דָארְטֶען מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען׃
29 וָוארִין דָאס מִשְׁכָּן פוּן גָאט, אוּנְד
דֶער מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם בְּרַאנְד־אָפְּפֶער
וָואס מֹשֶׁה הָאט גֶעמַאכְט אִין דֶער
מִדְבָּר, זֶענֶען אִין דֶער דָאזִיגֶער צֵייט
גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער בָּמָה אִין גִבְעוֹן׃
30 אוּנְד דָוִיד הָאט נִיט גֶעקֶענְט
אַהִינְגֵיין פַאר דֶעם (מִזְבֵּחַ) אָנְצוּפְרֶעגֶען
בַּייא גָאט, וַוייל עֶר הָאט זִיךְ דֶערְ־
שְׁרָאקֶען פַאר דֶעם שְׁוֶוערְד פוּן דֶעם
מַלְאַךְ פוּן גָאט׃

קאפיטעל כב

1 אוּנְד דָוִיד הָאט גֶעזָאגְט, דָאס
זָאל זַיין דָאס הוֹיז פוּן יְהוָֹה גָאט,
אוּנְד דָאס זָאל זַיין דֶער מִזְבֵּחַ פַאר
דֶעם קָרְבָּן עוֹלָה פַאר יִשְׂרָאֵל׃
2 אוּנְד דָוִיד הָאט בֶּעפוֹילֶען אַז מֶען
זָאל אֵיינְזַאמֶעלְן דִיא גֵרִים וָואס זֶענֶען
אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט
אָנְגֶעשְׁטֶעלְט פוּן זֵייא שְׁטֵיינְהַאקֶער
אוֹיסְצוּהַאקֶען גֶעשְׁנִיטֶענֶע שְׁטֵיינֶער,
כְּדֵי צוּ בּוֹיעֶן דָאס הוֹיז פוּן גָאט׃
3 אוּנְד דָוִיד הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט זֶעהְר
פִיל אֵייזֶען צוּ נֶעגֶעל פַאר דִיא טִירֶען
אוּנְד טוֹיעֶרְן, אוּנְד צוּ בֶּעהֶעפְטֶען;
אוּנְד זֶעהְר פִיל קוּפֶּער, אָהְן אַ
גֶעווִיכְט׃
4 אוּנְד טֶענֶענ־בֵּיימֶער אָהְן אַ צָאל,
וָוארִין דִיא צִידוֹנִים אוּנְד דִיא פוּן צוֹר
הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט פִילֶע טֶענֶענֶענ־
בֵּיימֶער׃
5 אוּנְד דָוִיד הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין זוּהְן
שְׁלֹמֹה אִיז יוּנְג אוּנְד אֵיידֶעל, אוּנְד
דָאס הוֹיז וָואס מֶען דַארְף בּוֹיעֶן צוּ
גָאט מוּז זֶעהְר גְרוֹיס גֶעמַאכְט וֶוערֶען,
כְּדֵי עֶס זָאל הָאבֶּען אַ שֵׁם, אוּנְד אַ
שֵׁיינְהֵייט אִין אַלֶע לֶענְדֶער, דָארוּם
וֶועל אִיךְ עֶס פַאר אִיהְם אָנְבְּרֵייטֶען;
אַזוֹי הָאט דָוִיד אָנְגֶעבְּרֵייט זֶעהְר פִיל
פַאר זַיין טוֹיט׃
6 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען צוּ זַיין
זוּהְן שְׁלֹמֹה, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם
בֶּעפוֹילֶען אַז עֶר זָאל בּוֹיעֶן דָאס הוֹיז
פַאר יְהוָֹה דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל׃
7 אוּנְד דָוִיד הָאט גֶעזָאגְט צוּ שְׁלֹמֹה,
מֵיין זוּהְן, עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין מֵיין
הַארְץ צוּ בּוֹיעֶן אַ הוֹיז פַאר דֶעם
נָאמֶען פוּן יְהוָֹה מֵיין גָאט׃
8 אָבֶּער דָאס וָוארְט פוּן יְהוָֹה אִיז
צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דוּא
הָאסְט פִיל בְּלוּט פֶערְגָאסֶען, אוּנְד

דוּא הָאסְט גֶעהַאט גְרױסֶע מִלְחָמוֹת, דוּא זָאלְסְט נִיט בּױעֶן אַ הױז פַאר מֵיין נָאמֶען, װײל דוּא הָאסְט פִיל בְּלוּט פֶערְגָאסֶען אױף דֶער עֶרְד פַאר מִיר:

9 זֶעה, אַ זוּהְן װֶעט צוּ דִיר גֶעבּױרֶען װֶערֶען, עֶר װֶעט זֵיין אַ רוּהִיגֶער מַאן, אוּנְד אִיךְ װֶעל אִיהְם גֶעבֶּען רוּה פוּן אַלֶע זֵיינֶע פֵיינְד רִינְגְס אַרוּם, װָארִין שְׁלֹמֹה װֶעט זֵיין זֵיין נָאמֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל אִיהְם גֶעבֶּען שָׁלוֹם אוּנְד שְׁטִילְקַייט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אִין זֵיינֶע טֶעג:

10 עֶר װֶעט בּױעֶן אַ הױז פַאר מֵיין נָאמֶען, אוּנְד עֶר װֶעט זֵיין צוּ מִיר פַאר אַ זוּהְן, אוּנְד אִיךְ װֶעל זֵיין צוּ אִיהְם פַאר פָאטֶער; אוּנְד אִיךְ װֶעל אָנבְּרֵייטֶען (בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען) דֶעם טְרוֹין־שְׁטוּהְל פוּן זֵיין קֶענִיגְרֵייךְ אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אױף אֵיבִּיג:

11 אַצוּנְד, מֵיין זוּהְן, לָאז גָאט זֵיין מִיט דִיר, אוּנְד דוּא װֶעסְט בֶּעגְלִיקֶען, אוּנְד דִיר בּױעֶן דָאס הױז פוּן יְהוָֹה דֵיין גָאט, אַזױ װִיא עֶר הָאט צוּ דִיר גֶערֶעט:

12 נַייעֶרְט גָאט אַלֵיין זָאל דִיר גֶעבֶּען שֵׂכֶל אוּנְד פֶערשְׁטַאנְד, אוּנְד עֶר זָאל דִיךְ בֶּעפֶעהְלֶען אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט הִיטֶען דִיא תּוֹרָה פוּן יְהוָֹה דֵיין גָאט:

13 דֶענְסְמָאל װֶעסְט דוּא בֶּעגְלִיקֶען װֶען דוּא װֶעסְט הִיטֶען צוּ טְהוּן דִיא גֶעזֶעץ אוּנְד דִיא מִשְׁפָּטִים װָאס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה װֶעגֶען יִשְׂרָאֵל; זֵייא שְׁטַארְק אוּנְד זֵייא פֶעסְט, דוּא זָאלְסְט קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט אֶנְגְסְטֶען:

14 אוּנְד זֶעה, אִיךְ הָאבּ אִין מֵיינֶע מִידִיגְקֵייט אָנְגֶעגְרֵייט פַאר דֶעם הױז פוּן יְהוָֹה, הוּנְדֶערְט טױזֶענְד צֶענְטְנֶער גָאלְד, אוּנְד טױזֶענְד מָאל טױזֶענְד צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער, אוּנְד פוּן קוּפֶּער אוּנְד אֵייזֶען אִיז קֵיין גֶעװִיכְט, װָארִין עֶס אִיז זֶעהְר פִיל גֶעװָארֶען; אִיךְ הָאבּ אױךְ צוּגֶעגְרֵייט הָאלְץ אוּנְד שְׁטֵיינֶער, אוּנְד צוּ דֶעם קֶענְסְט דוּא נָאךְ מֶעהְר צוּטְהוּן:

15 אוּנְד מִיט דִיר זֶענֶען פִילֶע אַרְבֵּייטֶער װָאס קֶענֶען טְהוּן דִיא מְלָאכָה, קִינְסְטְלִיכֶע אַרְבֵּייטֶער אִין שְׁטֵיין אוּנְד אִין הָאלְץ, אוּנְד קְלוּגֶע לֵייט אִין אַלֶערְלֵייא אַרְבֵּייט:

16 צוּ דֶעם גָאלְד, אוּנְד זִילְבֶּער, אוּנְד קוּפֶּער, אוּנְד אֵייזֶען אִיז קֵיינֶע צָאל, דַארוּם שְׁטֵייא אױף אוּנְד טְהוּא עֶס, אוּנְד לָאז יְהוָֹה זֵיין מִיט דִיר:

17 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ אַלֶע פִירְשְׁטֶען פוּן יִשְׂרָאֵל אַז זֵייא זָאלֶען הֶעלְפֶען זֵיין זוּהְן שְׁלֹמֹה:

18 (אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט) אִיז נִיט יְהוָֹה, אֵייעֶר גָאט מִיט אֵייךְ? אוּנְד הָאט עֶר אֵייךְ נִיט גֶעלָאזְט רוּהֶען פוּן רִינְגְס אַרוּם? װָארִין עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען אִין מֵיינֶע הַאנְד דִיא בֶּעװָאױנֶער פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד דָאס לַאנְד אִיז בֶּעצְװוּאוּנְגֶען גֶעװָארֶען פַאר גָאט, אוּנְד פַאר זֵיין פָאלְק:

19 אַצוּנְד גֶעבְּט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער אוּנְד אֵייעֶרֶע נְפָשׁוֹת צוּ פָארְשֶׁען צוּ יְהוָֹה אֵייעֶר גָאט, אוּנְד שְׁטֵייט אױף אוּנְד בּױעֶט דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ פוּן יְהוָֹה גָאט, כְּדֵי אַרַיינְצוּבְּרֶענְגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם בְּרִית פוּן גָאט, אוּנְד דִיא



כלי

כְּלֵי קוֹדֶשׁ פוּן גָאט, אִין דֶעם הויז
וָואס וֶועט גֶעבּויעֶט וֶוערֶען פַאר דֶעם
נָאמֶען פוּן יְהוָֹה׃

קאפּיטעל כג

1 אוּנְד דָוִיד אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְט אוּנְד
זַאט פוּן טֶעג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט
זַיין זִיהְן שְׁלֹמֹה אַלְס קֶענִיג אִיבֶּער
יִשְׂרָאֵל׃
2 אוּנְד עֶר הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אַלֶע
פִירְשְׁטֶען פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דִיא כּוֹהֲנִים
אוּנְד דִיא לְוִיִם׃
3 אוּנְד דִיא לְוִיִם זֶענֶען גֶעצֵיילְט
גֶעוָוארֶען פוּן דְרַייסִיג יָאהְר אָן אוּנְד
דַארִיבֶּער, אוּנְד זֵייעֶר צָאל נָאךְ זֵיירֶע
קֶעפּ פוּן אִיטְלִיכֶען מַאן, אִיז גֶעוֶועזֶען
אַכְט אוּנְד דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד׃
4 פוּן דִיא דָאזִיגֶע הָאט מֶען אָנְגֶע־
שְׁטֶעלְט פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד
אִיבֶּער דֶער מְלָאכָה פוּן דֶעם הויז פוּן
גָאט אוּנְד זֶעקְס טוֹיזֶענְד אַלְס שַׁמָשִׁים
אוּנְד שׁוֹפְטִים׃
5 פִיעֶר טוֹיזֶענְד זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
טִיעֶר־הִיטֶערְס, אוּנְד פִיעֶר טוֹיזֶענְד
הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט גָאט מִיט כְּלֵי־זֶמֶר,
וָואס מֶען הָאט גֶעמַאכְט דֶערְמִיט צוּ
לוֹיבֶּען׃
6 אוּנְד דָוִיד הָאט זֵייא אָפְּגֶעטֵיילְט
אִין אָפְּטֵיילוּנְגֶען, פוּן דִיא זִיהְן פוּן
לֵוִי, דְהַיְינוּ, גֵרְשׁוֹן, קְהָת, אוּנְד
מְרָרִי׃
7 פוּן גֵרְשׁוֹן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, לַעְדָן
אוּנְד שִׁמְעִי׃
8 דִיא זִיהְן פוּן לַעְדָן, דֶער אוֹיבֶּער־
שְׁטֶער יְחִיאֵל, אוּנְד זֵתָם אוּנְד יוֹאֵל
דִיא דְרַייא׃
9 דִיא זִיהְן פוּן שִׁמְעִי, שְׁלוֹמִית, אוּנְד
חֲזִיאֵל, אוּנְד הָרָן, דִיא דְרַייא זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען דִיא רָאשֵׁי אָבוֹת פוּן לַעְדָן׃
10 דִיא זִיהְן פוּן שִׁמְעִי, יַחַת, זִינָה,
אוּנְד יְעוּשׁ, אוּנְד בְּרִיעָה, דִיא פִיעֶר
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא זִיהְן פוּן שִׁמְעִי׃
11 אוּנְד יַחַת אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער
אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, אוּנְד זִיזָה דֶער אַנְדֶערֶער,
אָבֶּער יְעוּשׁ אוּנְד בְּרִיעָה הָאבֶּען נִיט
גֶעהַאט פִילֶע זִיהְן, זֵייא זֶענֶען אִין
אֵיינֶעם גֶעצֵיילְט גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם
הויזְגֶעזִינְד פוּן זֵיירֶע אָבוֹת׃
12 דִיא זִיהְן פוּן קְהָת, עַמְרָם, יִצְהָר,
חֶבְרוֹן אוּנְד עֻזִּיאֵל, דִיא פִיעֶר׃
13 דִיא זִיהְן פוּן עַמְרָם, אַהֲרוֹן, אוּנְד
מֹשֶׁה, אָבֶּער אַהֲרוֹן אִיז אָפְּגֶעשֵׁייד
גֶעוָוארֶען אַז עֶר זָאל הֵיילִיגֶען דָאס
קָדְשֵׁי קָדָשִׁים, עֶר אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן בִּיז
אוֹיף אֵייבִּיג, כְּדֵי צוּ דֶערְמְפֶּען פַאר
יְהוָֹה, אִיהְם צוּ דִינֶען, אוּנְד צוּ
בֶּענְשֶׁען אִין זַיין נָאמֶען בִּיז אוֹיף
אֵייבִּיג׃
14 אוּנְד פוּן וֶועגֶען מֹשֶׁה דֶעם מַאן
פוּן גָאט, זֵיינֶע זִיהְן זֶענֶען אָנְגֶערוּפֶען
גֶעוָוארֶען נָאךְ דֶעם שֵׁבֶט לֵוִי׃
15 דִיא זִיהְן פוּן מֹשֶׁה גֵרְשׁוֹם אוּנְד
אֱלִיעֶזֶר׃
16 דִיא זִיהְן פוּן גֵרְשׁוֹם, שְׁבוּאֵל דֶער
אוֹיבֶּערְשְׁטֶער׃
17 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אֱלִיעֶזֶר אִיז
גֶעוֶועזֶען רְחַבְיָה דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער,
אוּנְד צוּ אֱלִיעֶזֶר זֶענֶען נִיט גֶעוֶועזֶען
אַנְדֶערֶע קִינְדֶער; אָבֶּער דִיא זִיהְן פוּן
רְחַבְיָה הָאבֶּען זִיךְ זֶעהְר הוֹיךְ פֶערְ־
מֶעהְרְט׃
18 פוּן יִצְהָר אִיז גֶעוֶועזֶען, שְׁלוֹמִית
דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער׃
19 פוּן דִיא זִיהְן פוּן חֶבְרוֹן,
יְרִיָּהוּ דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, אֲמַרְיָהוּ דֶער

צְווייטֶער, יַחֲזִיאֵל דֶער דְרִיטֶער, אוּנְד
יְקַמְעָם דֶער פִירְטֶער׃
20 דִיא זִיהְן פוּן עֻזִיאֵל, מִיכָה דֶער
אויבֶּערְשְׁטֶער, אוּנְד יִשִּׁיָה דֶער צְווייד־
טֶער׃
21 דִיא זִיהְן פוּן מְרָרִי, מַחְלִי, אוּנְד
מוּשִׁי, דִיא זִיהְן פוּן מַחְלִי אֶלְעָזָר
אוּנְד קִישׁ׃
22 אוּנְד אֶלְעָזָר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד
עֶר הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע זִיהְן,
נֵייעֶרְט טֶעכְטֶער, אוּנְד זֵיירֶע בְּרִידֶער,
דִיא זִיהְן פוּן קִישׁ הָאבֶּען זֵייא
גֶענוּמֶען׃
23 דִיא זִיהְן פוּן מוּשִׁי, מַחְלִי, אוּנְד
עֵדֶר, אוּנְד יְרֵמוֹת, דִיא דְרֵייא׃
24 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא
זִיהְן פוּן לֵוִי, נָאךְ דֶעם הויזְגֶעזִינְד פוּן
זֵיירֶע פֶעטֶער אַלְס רָאשֵׁי אָבוֹת נָאךְ
זֵיירֶע צֵיילוּנְג, נָאךְ דֶער צָאל פוּן זֵירֶע
נֶעמֶען, נָאךְ זֵיירֶע קֶעפּ וָואס הָאבֶּען
גֶעטְהוּן דִיא מְלָאכָה פוּן דֶעם הויז פוּן
יְהֹוָה, פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אָן אוּנְד
דָארִיבֶּער׃
25 וָוארִין דָוִיד הָאט גֶעזָאגְט, יְהֹוָה
דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעגֶעבֶּען
רוּה צוּ זֵיין פָאלְק, אוּנְד עֶר וֶועט
וְואוינֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג׃
26 אוּנְד אוֹיךְ דִיא לְוִיִם, זֵייא בְּרוֹיד־
כֶען נִיט מֶעהְר אַרוּם צוּ טְרָאגֶען דָאס
מִשְׁכָּן אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע כֵּלִים צוּ זֵיין
דִינְסְט׃
27 וָוארִין נָאךְ דִיא לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער
פוּן דָוִיד זֶענֶען זֵייא, דִיא בְּנֵי לֵוִי גֶעד־
צֵיילְט גֶעוָוארֶען פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אָן
אוּנְד דָארִיבֶּער׃
28 וָוארִין זֵיירֶע אָנְשְׁטֶעלוּנְג אִיז גֶעד־
וֶועזֶען אַן דֶער זֵייט פוּן דִיא זִיהְן פוּן
אַהֲרוֹן, צוּ דֶעם דִינְסְט פוּן דֶעם הויז
פוּן גָאט, אִין דִיא פָארְהויפֶען, אוּנְד
אִין דִיא קַאמֶערְן, אוּנְד אִין דֶער
רֵיינִיגוּנְג פוּן אַלֶע הֵיילִיגֶע (זַאכֶען),
אוּנְד אִיבֶּער דִיא אַרְבֵּייט פוּן דֶעם
דִינְסְט פוּן דֶעם הויז פוּן יְהֹוָה׃
29 אוּנְד אָנְצוּבְּרֵייטֶען דָאס לֶחֶם
הַפָּנִים, אוּנְד דָאס זֶעמֶעל־מֶעהְל פַאר
דֶעם קָרְבָּן מִנְחָה, אוּנְד דִיא דִינֶע
מַצוֹת, אוּנְד אִיבֶּער דִיא פֵייעֶר־פַאנֶען,
אוּנְד אִיבֶּער דֶעם גֶעפְּרֶעגֶעלְטֶען, אוּנְד
אִיבֶּער אַלֶערְלֵייא נַאסֶע אוּנְד טְרוּקֶע־
נֶע מָאסֶען׃
30 אוּנְד צוּ שְׁטֵיין אִיטְלִיכֶען פְרִיה־
מָארְגֶען צוּ דַאנְקֶען אוּנְד צוּ לוֹיבֶּען
גָאט, אוּנְד אוֹיךְ אַזוֹי אִיטְלִיכֶען
אָבֶענְד׃
31 אוּנְד אַלֶע מָאל וֶוען מֶ'עֶן בְּרֶענְגְט
אוֹיף דִיא קָרְבָּן עוֹלוֹת צוּ גָאט אַן
שַׁבָּתִים, חֲדָשִׁים, אוּנְד יָמִים טוֹבִים
נָאךְ דֶער צָאל אַזוֹי וִויא דָאס מִשְׁפָּט
אִיז וֶוענֶען זֵייא, בֶּעשְׁטֶענְדִיג פַאר
יְהֹוָה׃
32 אוּנְד זֵייא זָאלֶען הִיטֶען דִיא
הִיטוּנְג פוּן דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד, אוּנְד
דִיא הִיטוּנְג פוּן דֶער הֵיילִיגְקֵייט, אוּנְד
דִיא הִיטוּנְג פוּן דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרוֹן,
זֵיירֶע בְּרִידֶער צוּ דֶעם דִינְסְט פוּן דֶעם
הויז פוּן גָאט׃

## קאפיטעל כד

1 אוּנְד צוּ דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרוֹן זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען זֵיירֶע אָפְּטֵיילוּנְג,—דִיא זִיהְן
פוּן אַהֲרוֹן, נָדָב, אוּנְד אֲבִיהוּא, אֶלְעָזָר
אוּנְד אִיתָמָר׃
2 אוּנְד נָדָב אוּנְד אֲבִיהוּא זֶענֶען
גֶעשְׁטָארְבֶּען אֵיידֶער זֵייעֶר פָאטֶער,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע

קִינְדֶער, אוּנְד אֶלְעָזָר אוּנְד אִיתָמָר
זֶענֶען גֶעוָואָרֶען כּוֹהֲנִים ׃
3 אוּנְד דָוִיד אוּנְד צָדוֹק הָאבֶּען זֵייא
צוּטֵיילְט פוּן דִיא זִיהְן פוּן אֶלְעָזָר, אוּנְד
אֲחִימֶלֶךְ פוּן דִיא זִיהְן פוּן אִיתָמָר נָאךְ
זֵייעֶר בֶּעפֶעהְל אִין זֵייעֶר דִינְסְט ׃
4 אוּנְד עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען מֶעהְר
אױבֶּערשְׁטֶע מֶענֶער פוּן דִיא זִיהְן פוּן
אֶלְעָזָר וִויא פוּן דִיא זִיהְן פוּן אִיתָמָר,
אוּנְד אַזוֹי זֶענֶען זֵייא צוּטֵיילְט גֶע־
וָואָרֶען, פוּן דִיא זִיהְן פוּן אֶלְעָזָר זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען זֶעכְצֶעהְן אױבֶּערשְׁטֶע פוּן
דֶעם הױזְגֶעזִינְד פוּן דִיא פֶעטֶער, אוּנְד
פוּן דִיא זִיהְן פוּן אִיתָמָר פוּן דֶעם
הױזְגֶעזִינְד פוּן זֵייעֶרֶע פֶעטֶער, אַכְט ׃
5 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אָפְּגֶעטֵיילְט גֶע־
וָואָרֶען נָאךְ דֶעם גוֹרָל, דִיזֶע מִיט
יֶענֶע, וָוארִין זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
פִירְשְׁטֶען אִיבֶּער דֶעם הֵיילִיגְטוּם, אוּנְד
פִירְשְׁטֶען אִיבֶּער דֶעם הױז פוּן גָאט,
פוּן דִיא זִיהְן פוּן אֶלְעָזָר אוּנְד פוּן דִיא
זִיהְן פוּן אִיתָמָר ׃
6 אוּנְד שְׁמַעְיָה זוּהְן פוּן נְתַנְאֵל דֶער
סוֹפֵר, פוּן דִיא בְּנֵי לֵוִי הָאט זֵייא
אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען פָאר דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד דִיא
פִירְשְׁטֶען, אוּנְד צָדוֹק הַכּוֹהֵן, אוּנְד
אֲחִימֶלֶךְ זוּהְן פוּן אֶבְיָתָר, אוּנְד פָאר
דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת פוּן דִיא כּוֹהֲנִים
אוּנְד דִיא לְוִיִם, אֵיין פֶעטֶערְלִיכֶעס
הױז הָאט מֶען גֶענוּמֶען פָאר אֶלְעָזָר
אוּנְד אֵיינְס הָאט מֶען גֶענוּמֶען פָאר
אִיתָמָר ׃
7 אוּנְד דָאס עֶרְשְׁטֶע גוֹרָל אִיז אַרוֹיס־
גֶעגַאנְגֶען פָאר יְהוֹיָרִיב, אוּנְד דָאס
צְוֵוייטֶע פָאר יְדַעְיָה ׃
8 דָאס דְרִיטֶע פָאר חָרִם, דָאס פִירְטֶע
פָאר שְׂעוֹרִים ׃
9 דָאס פִינְפְטֶע פָאר מַלְכִּיָה, דָאס
זֶעכְסְטֶע פָאר מִיָמִן ׃
10 דָאס זִיבֶּעטֶע פָאר הַקּוֹץ, אוּנְד
דָאס אַכְטֶע פָאר אֲבִיָה ׃
11 דָאס נֵיינְטֶע פָאר יֵשׁוּעַ, דָאס
צֶעהְנְטֶע פָאר שְׁכַנְיָהוּ ׃
12 דָאס עֶלְפְטֶע פָאר אֶלְיָשִׁיב, דָאס
צְוֶועלְפְטֶע פָאר יָקִים ׃
13 דָאס דְרֵייצֶעהְנְטֶע פָאר חֻפָּה, דָאס
פִירְצֶעהְנְטֶע פָאר יֶשֶׁבְאָב ׃
14 דָאס פוּפְצֶעהְנְטֶע פָאר בִּלְגָה, דָאס
זֶעכְצֶעהְנְטֶע פָאר אִמֵּר ׃
15 דָאס זִיבֶּעצֶעהְנְטֶע פָאר חֵזִיר, דָאס
אַכְצֶעהְנְטֶע פָאר הַפִּצֵּץ ׃
16 דָאס נֵיינְצֶעהְנְטֶע פָאר פְּתַחְיָה, דָאס
צְוַואנְצִיגְסְטֶע פָאר יְחֶזְקֵאל ׃
17 דָאס אֵיין אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶע פָאר
יָכִין, דָאס צְוֵוייא אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶע
פָאר גָמוּל ׃
18 דָאס דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶע
פָאר דְלָיָהוּ, דָאס פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְ־
צִיגְסְטֶע פָאר מַעַזְיָהוּ ׃
19 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זֵייעֶרֶע
בֶּעפֶעלוּנְג צוּ זֵייעֶר דִינְסְט, אַרֵיינְצוּ־
קוּמֶען אִין דֶעם הױז פוּן גָאט, נָאךְ
זֵייעֶר מִשְׁפָּט, דוּרךְ אַהֲרֹן זֵייעֶר פָא־
טֶער, אַזוֹי וִויא יְהֹוָה דֶער גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעבָּאטֶען ׃
20 אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן
דִיא אִיבְּרִיגֶע זִיהְן פוּן לֵוִי, פוּן דִיא
זִיהְן פוּן עַמְרָם, שׁוּבָאֵל, פוּן דִיא זִיהְן
פוּן שׁוּבָאֵל, יֶחְדְיָהוּ ׃
21 פוּן רְחַבְיָהוּ, דִיא זִיהְן פוּן רְחַבְיָהוּ,
דֶער אױבֶּערשְׁטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען יִשִּׁיָּה ׃
22 פוּן יִצְהָר אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁלוֹמוֹת,
אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן שְׁלוֹמוֹת
יָחַת ׃

23 אונד פון דיא זיהן יְרִיָּהוּ, אֲמַרְיָהוּ דער צווייטער, יַחֲזִיאֵל דער דריטער, יְקַמְעָם דער פירטער:

24 דיא זיהן פון עֻזִּיאֵל, מִיכָה, דיא זיהן פון מִיכָה, שָׁמִיר:

25 דער ברודער פון מִיכָה, יִשִּׁיָּה, דיא זיהן פון יִשִּׁיָּה זְכַרְיָהוּ:

26 דיא זיהן פון מְרָרִי, מַחְלִי אונד מוּשִׁי, דיא זיהן פון יַעֲזִיָּהוּ איז גע־וועזען בְּנוֹ:

27 דיא זיהן פון מְרָרִי, פון זיין זוהן יַעֲזִיָּהוּ, אונד שׁוֹהַם, אונד זַכּוּר, אונד עִבְרִי:

28 פון מַחְלִי איז געוועזען אֶלְעָזָר, אונד ער האט ניט געהאט קיינע זיהן:

29 פון וועגען קִישׁ, דער זוהן פון קִישׁ איז געוועזען יְרַחְמְאֵל:

30 אונד דיא זיהן פון מוּשִׁי זענען געוועזען, מַחְלִי, אונד עֵדֶר, אונד יְרֵמוֹת; דיא דאזיגע זענען דיא זיהן פון דיא לְוִיִּם נאך דעם הויזגעזינד פון זייערע פעטער:

31 אונד זייא האבען אויך גורל גע־ווארפען ענטקעגען זייערע ברידער, דיא זיהן פון אַהֲרֹן פאר דָוִד הַמֶּלֶךְ, אונד צָדוֹק, אונד אֲחִימֶלֶךְ, אונד דיא רָאשֵׁי אָבוֹת אונד פאר דיא כּוֹהֲנִים, אונד דיא לְוִיִּם, דיא רָאשֵׁי אָבוֹת ענטקעגען זייערע יונגערע ברידער:

## קאפיטעל כה

1 אונד דָוִד אונד דיא אויבערשטע פון דעם חַיִל האבען אָפּגעשייט צו דעם (גאטעס) דינסט פון דיא זיהן פון אָסָף, אונד פון הֵימָן, אונד פון יְדוּתוּן, דיא וואס זאלען נְבוּאוֹת זאגען (בְּשַׁעַת מען האט געשפּילט) מיט הארפען אונד מיט פידעלן אונד מיט צימבעלן אונד דיא צאל פון דיא ארבייט'ס־לייט צו דעם דינסט זענען געוועזען:

2 פון דיא זיהן פון אָסָף, זַכּוּר, אונד יוֹסֵף, אונד נְתַנְיָה, אונד אֲשַׂרְאֵלָה דיא זיהן פון אָסָף, אונטער דיא האנד פון אָסָף וואס האט נְבוּאוֹת געזאגט דורך דעם מֶלֶךְ:

3 פון יְדוּתוּן, דיא זיהן פון יְדוּתוּן, גְּדַלְיָהוּ, אונד צְרִי, אונד יְשַׁעְיָהוּ, חֲשַׁבְיָה, אונד מַתִּתְיָהוּ, זעקס אונטער זייער פאטער יְדוּתוּן, וואס ער האט נְבוּאוֹת געזאגט (בְּשַׁעַת ער האט געשפּילט) מיט אַ הארף, כְּדֵי גאט צו דאנקען אונד צו לויבען:

4 פון הֵימָן, דיא זיהן פון הֵימָן, בֻּקִּיָּהוּ, מַתַּנְיָהוּ, עֻזִּיאֵל, שְׁבוּאֵל, אונד יְרִימוֹת, חֲנַנְיָה, חֲנָנִי, אֱלִיאָתָה, גִּדַּלְתִּי, אונד רוֹמַמְתִּי, עֶזֶר, יָשְׁבְּקָשָׁה, מַלּוֹתִי, הוֹתִיר, מַחֲזִיאוֹת:

5 אלע דיא דאזיגע זענען געוועזען דיא זיהן פון הֵימָן, דעם מֶלֶךְ'ס נָבִיא אין דיא ווערטער פון גאט, כְּדֵי אויפצוהייבען דאס הארן; אונד גאט האט געגעבען צו הֵימָן פירצען זיהן אונד דרייא טעכטער:

6 אלע דיא דאזיגע זענען געוועזען אונטער זייער פאטער אין דעם געזאנג אין דעם הויז פון גאט, מיט צימבעלן, פידעלן אונד הארפען, צו דעם דינסט אין דעם הויז פון גאט, דורך דעם בעפעהל פון דעם מֶלֶךְ צו אָסָף, אונד יְדוּתוּן, אונד הֵימָן:

7 אונד זייער צאל איז געוועזען מיט זייערע ברידער וואס זענען געוועזען געלערנט אין דיא געזאנג צו גאט, אלע וואס האבען פערשטאנען, זענען

גֶעוֶועזֶען צְווייא הוּנְדֶערְט אוּנְד אַכְט
אוּנְד אַכְצִיג:
8 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גוֹרָל גֶעוָוארְפֶען, איין מִשְׁמָר קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן מִשְׁמָר, פַאר דֶעם קְלֵיינֶעם אַזוֹי גוּט וִויא פַאר דֶעם גְרוֹיסֶען, פַאר דֶעם פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶען אַזוֹי גוּט וִויא פַאר דֶעם תַּלְמִיד:
9 אוּנְד דָאס עֶרְשְׁטֶע גוֹרָל אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פַאר אָסָף, דְהַיְינוּ פַאר יוֹסֵף; דָאס צְווייטֶע פַאר גְדַלְיָהוּ, עֶר אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד זַיינֶע זִיהְן, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְוֶועלְף:
10 דָאס דְרִיטֶע פַאר זַכּוּר, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
11 דָאס פִיעֶרְטֶע פַאר יִצְרִי, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
12 דָאס פִינְפְטֶע פַאר נְתַנְיָהוּ, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
13 דָאס זֶעקְסְטֶע פַאר בֻּקִּיָּהוּ, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
14 דָאס זִיבֶּעטֶע פַאר יְשַׂרְאֵלָה, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
15 דָאס אַכְטֶע פַאר יְשַׁעְיָהוּ, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
16 דָאס נֵיינְטֶע פַאר מַתַּנְיָהוּ, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
17 דָאס צֶעהְנְטֶע פַאר שִׁמְעִי, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
18 דָאס עֶלְפְטֶע פַאר עֲזַרְאֵל, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
19 דָאס צְוֶועלְפְטֶע פַאר חֲשַׁבְיָה, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער, צְוֶועלְף:
20 דָאס דְרֵייצֶעהְנְטֶע פַאר שׁוּבָאֵל, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
21 דָאס פִירְצֶעהְנְטֶע פַאר מַתִּתְיָהוּ, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
22 דָאס פִיפְצֶעהְנְטֶע פַאר יְרֵמוֹת, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
23 דָאס זֶעכְצֶעהְנְטֶע פַאר חֲנַנְיָהוּ, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
24 דָאס זִיבֶּעצֶעהְנְטֶע פַאר יָשְׁבְּקָשָׁה, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
25 דָאס אַכְצֶעהְנְטֶע פַאר חֲנָנִי, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
26 דָאס נֵיינְצֶעהְנְטֶע פַאר מַלּוֹתִי, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
27 דָאס צְוַואנְצִיגְסְטֶע פַאר אֱלִיָּתָה, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
28 דָאס אֵיין אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶע פַאר הוֹתִיר, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
29 דָאס צְווייא אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶע פַאר גִדַּלְתִּי, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
30 דָאס דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶע פַאר מַחֲזִיאוֹת, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:
31 דָאס פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶע פַאר רוֹמַמְתִּי עֶזֶר, זַיינֶע זִיהְן אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער צְוֶועלְף:

## קאפִּיטֶעל כו.

1 (דִיזֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען) צוּ דִיא אָפְּטֵיילוּנְגֶען פַאר דִיא טוֹיעֶר הִיטֶערְס, פַאר דִיא קָרְחִים, מְשֶׁלֶמְיָהוּ זוּהְן פוּן קוֹרֵא פוּן דִיא זִיהְן פוּן אָסָף:
2 צוּ מְשֶׁלֶמְיָהוּ זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא זִיהְן, זְכַרְיָהוּ דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, יְדִיעֲאֵל דֶער צְווייטֶער, זְבַדְיָהוּ דֶער דְרִיטֶער, יַתְנִיאֵל דֶער פִירְטֶער:

3 עֵלָם דֶער פִינְפְטֶער, יְהוֹחָנָן דֶער זֶעכְסְטֶער, אֶלְיְהוֹעֵינַי דֶער זִיבֶּעטֶער׃
4 אוּנְד צוּ עוֹבֵד אֱדוֹם זֶענֶען גֶעװֶעזֶען דִיא זִיהְן, שְׁמַעְיָה דֶער בְּכוֹר, יְהוֹזָבָד דֶער צְװֵייטֶער, יוֹאָח דֶער דְרִיטֶער, אוּנְד שָׂכָר דֶער פִירְטֶער, אוּנְד נְתַנְאֵל דֶער פִיפְטֶער׃
5 עַמִיאֵל דֶער זֶעכְסְטֶער, יִשָּׂשכָר דֶער זִיבֶּעטֶער, פְּעֻלְּתַי דֶער אַכְטֶער, װָארִין גָאט הָאט אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט׃
6 אוּנְד צוּ זַיין זִיהְן שְׁמַעְיָה זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען גֶעװָארֶען זִיהְן װָאס הָאבֶּען גֶעװֶעלְטִיגְט אִיבֶּער דֶעם הױז פוּן זַייעֶרֶע פֶּעטֶער, װָארִין זַייא זֶענֶען גֶעװֶעזֶען גִבּוֹרִים אִין דֶעם חַיִל׃
7 דִיא זִיהְן פוּן שְׁמַעְיָה זֶענֶען גֶעװֶעזֶען, עָתְנִי, אוּנְד רְפָאֵל, אוּנְד עוֹבֵד, אֶלְזָבָד, זַיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן חַיִל אֱלִיהוּ אוּנְד סְמַכְיָהוּ׃
8 אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעװֶעזֶען פוּן דִיא זִיהְן פוּן עוֹבֵד אֱדוֹם, זַייא אוּנְד זַיירֶע זִיהְן, אוּנְד זַיירֶע בְּרִידֶער, אִיטְלִיכֶער פוּן זַייא אִיז גֶעװֶעזֶען מֶעכְטִיג צוּ דֶעם דִינְסְט, צְװֵייא אוּנְד זֶעכְצִיג פוּן עוֹבֵד אֱדוֹם׃
9 אוּנְד מְשֶׁלֶמְיָהוּ הָאט גֶעהַאט זִיהְן אוּנְד בְּרִידֶער, חַיִל'ס לֵייט אַכְצֶעהְן׃
10 אוּנְד חוֹסָה פוּן דִיא זִיהְן פוּן מְרָרִי הָאט אוֹיךְ גֶעהַאט זִיהְן, שִׁמְרִי װָאר דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, חָאטְשֶׁע עֶר אִיז נִיט גֶעװֶעזֶען דֶער בְּכוֹר, אָבֶּער זַיין פָאטֶער הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט פַאר דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען׃
11 חִלְקִיָהוּ דֶער צְװֵייטֶער, טְבַלְיָהוּ דֶער דְרִיטֶער, זְכַרְיָהוּ דֶער פִירְטֶער, אַלֶע זִיהְן אוּנְד בְּרִידֶער פוּן חוֹסָה זֶענֶען גֶעװֶעזֶען דְרֵייצֶעהְן׃
12 צוּ דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעװֶעזֶען אָפְּגֶעטֵיילְטֶע פוּן דִיא טִיעֶר הִיטֶערְס, נָאךְ דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע מֶענֶער צוּ הִיטֶען עֶנְטְקֶעגֶען זַיירֶע בְּרִידֶער צוּ דִינֶען אִין דֶעם הױז פוּן גָאט׃
13 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גוֹרָל גֶעװָארְפֶען פַאר דֶעם קְלֵיינֶעם אַזוֹי גוּט װִיא פַאר דֶעם גְרוֹיסֶען נָאךְ דֶעם הױזְגֶעזִינְד פוּן זַיירֶע פֶּעטֶער, פַאר אִיטְלִיכֶען טוֹיעֶר׃
14 אוּנְד דָאס גוֹרָל אִיז גֶעפַאלֶען אַן דֶער מִזְרַח־זַייט פַאר שֶׁלֶמְיָהוּ, אוּנְד פַאר זְכַרְיָהוּ זַיין זוּהְן, אַ קְלוּגֶער עֵצָה גֶעבֶּער, װֶען זַייא הָאבֶּען גוֹרָל גֶעװָארְפֶען, אַזוֹי אִיז זַיין גוֹרָל אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אַן דֶער צָפוֹן־זַייט׃
15 פַאר עוֹבֵד אֱדוֹם, אַן דֶער מִזְרַח־זַייט, אוּנְד פַאר זַיינֶע זִיהְן פוּן דֶעם הױזְגֶעזִינְד פוּן אֲסֻפִּים׃
16 פַאר שֻׁפִּים אוּנְד חוֹסָה, אַן דֶער מַעֲרָב־זַייט מִיט דֶעם טוֹיעֶר שַׁלֶּכֶת, װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען אוֹיף דֶעם װֶעג װָאוּ מֶען גֵייט אַרוֹיף פוּן מִשְׁמָר עֶנְטְקֶעגֶען מִשְׁמָר׃
17 אַן דֶער מִזְרַח־זַייט זֶענֶען גֶעװֶעזֶען זֶעכְס לְוִיִם, אַן דֶער צָפוֹן־זַייט פִיעֶר פַאר אַ טָאג, אַן דֶער דָרוֹם־זַייט פִיעֶר פַאר אַ טָאג, אוּנְד בֵּייא אֲסֻפִּים צְװֵייא אוּנְד צְװֵייא׃
18 בֵּייא פַּרְבָּר אַן דֶער מַעֲרָב־זַייט פִיעֶר אוֹיף דֶעם װֶעג אוּנְד צְװֵייא בֵּייא פַּרְבָּר׃
19 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעװֶעזֶען דִיא אָפְּטֵיילוּנְגֶען פַאר דִיא טִיעֶר הִיטֶערְס פוּן דִיא זִיהְן פוּן קוֹרַח אוּנְד פוּן דִיא זִיהְן פוּן מְרָרִי׃
20 אוּנְד פוּן דִיא לְוִיִם, אֲחִיָּה, אִיבֶּער דִיא אוֹצְרוֹת פוּן דֶעם הױז פוּן גָאט,

אוּנְד

אוּנְד אִיבֶּער דִיא אוּצְרוֹת פוּן דֶעם
הֵיילִיגְטוּם׃
21 דִיא זִיהְן פוּן לַעְדָן פוּן דִיא זִיהְן
פוּן גֵרְשׁוֹן, דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת פוּן
לַעְדָן דֶעם גֵרְשֻׁנִּי אִיז גֶעוֶועזֶען יְחִיאֵלִי׃
22 דִיא זִיהְן פוּן יְחִיאֵלִי זֶענֶען גֶעוֶועזֶען,
זֵתָם, אוּנְד יוֹאֵל זַיין בְּרוּדֶער, וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דִיא אוּצְרוֹת
פוּן דֶעם הויז פוּן גָאט׃
23 פוּן דִיא עַמְרָמִי, אוּנְד פוּן יִצְהָר
אוּנְד פוּן חֶבְרוֹן אוּנְד פוּן עָזִיאֵל׃
24 אוּנְד שְׁבֻאֵל, זוּהְן פוּן גֵרְשׁוֹם, זוּהְן
פוּן מֹשֶׁה, אִיז גֶעוֶועזֶען אַ נָגִיד אִיבֶּער
דִיא אוּצְרוֹת׃
25 אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער פוּן אֱלִיעֶזֶר,
רְחַבְיָהוּ זַיין זוּהְן, אוּנְד יְשַׁעְיָהוּ זַיין
זוּהְן, אוּנְד יוֹרָם זַיין זוּהְן, אוּנְד זִכְרִי
זַיין זוּהְן, אוּנְד שְׁלוֹמִית זַיין זוּהְן׃
26 דֶער שְׁלוֹמוֹת אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער אַלֶע אוּצְרוֹת
פוּן דֶעם הֵיילִיגְטוּם וָואס דָוִד הַמֶּלֶךְ
הָאט גֶעהֵיילִיגְט, אוּנְד דִיא רָאשֵׁי
הָאָבוֹת פוּן אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אִיבֶּער טוֹיזֶענְד
אוּנְד הוּנְדֶערְט, אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע
פוּן דֶעם חַיִל׃
27 פוּן דֶעם זַאקְרוֹיב וָואס זַייא
הָאבֶּען גֶענוּמֶען אִין דִיא מִלְחָמוֹת,
הָאבֶּען זַייא גֶעהֵיילִיגְט צוּ שְׁטַארְקֶען
דָאס הויז פוּן גָאט׃
28 אוּנְד אַלֶעס וָואס שְׁמוּאֵל הַנָּבִיא
הָאט גֶעהֵיילִיגְט, אוּנְד שָׁאוּל זוּהְן פוּן
קִישׁ, אוּנְד אַבְנֵר זוּהְן פוּן נֵר, אוּנְד
יוֹאָב זוּהְן פוּן צְרוּיָה, אוּנְד אִיטְלִיכֶער
וָואס הָאט עֶפֶּעס גֶעהֵיילִיגְט דוּרְךְ
שְׁלוֹמִית אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער׃
29 פוּן יִצְהָר, כְּנַנְיָהוּ אוּנְד זַיינֶע זִיהְן
צוּ דֶער מְלָאכָה פוּן אוֹיסֶעוֶוענִיג

אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, פַאר שׁוֹטְרִים אוּנְד
שׁוֹפְטִים׃
30 אוּנְד פוּן חֶבְרוֹן, חֲשַׁבְיָהוּ אוּנְד
זַיינֶע בְּרִידֶער, חַיִל׳ס־לֵייט, אַ טוֹיזֶענְד
אוּנְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
בֶּעפֶעהְלֶערְס פוּן יִשְׂרָאֵל פוּן דִיזֶער
זַייט יַרְדֵּן אוֹיף מַעֲרָבִ־זַייט, אִיבֶּער
דֶער גַאנְצֶער מְלָאכָה פוּן גָאט, אוּנְד
פַאר דֶעם דִינְסְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ׃
31 צְווִישֶׁען דִיא פוּן חֶבְרוֹן, אִיז יְרִיָּה
גֶעוֶועזֶען דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן חֶבְרוֹן,
נָאךְ זַיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דִיא אָבוֹת,
אִין דֶעם פִירְצִיגְסְטֶען יָאהְר פוּן דֶער
רֶעגִירוּנְג פוּן דָוִד הָאבֶּען זַייא אוֹיסְ־
גֶעזוּכְט אוּנְד צְווִישֶׁען זַייא זֶענֶען
גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען שְׁטַארְקֶע חַיִל׳ס־לֵייט
אִין יַעְזֵר גִּלְעָד׃
32 אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער דִיא חַיִל׳ס־
לֵייט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְווייא טוֹיזֶענְד
אוּנְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט רָאשֵׁי אָבוֹת,
אוּנְד דָוִד הַמֶּלֶךְ הָאט זַייא גֶעמַאכְט
בֶּעפֶעהְלֶערְס אִיבֶּער רְאוּבֵן אוּנְד גָד
אוּנְד דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט פוּן מְנַשֶּׁה
צוּ אַלֶע גֶעטְלִיכֶע זַאכֶען, אוּנְד פוּן
דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ׃

קאפּיטעל כז

1 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען נָאךְ זַיירֶע צָאל,
גֶעמְלִיךְ, דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת, אוּנְד דִיא
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אִיבֶּער טוֹיזֶענְדֶע, אוּנְד
אִיבֶּער הוּנְדֶערְטֶע, אוּנְד זַיירֶע בֶּע־
פֶעהְלֶערְס, דִיא מְשָׁרְתִים פוּן דֶעם
מֶלֶךְ אִין אַלֶערְלֵייא זַאכֶען פוּן דִיא
אָפְּטֵיילוּנְגֶען, וָואס זֶענֶען אַרַיינְגֶעקוּמֶען
אוּנְד אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִיטְלִיכֶען
חוֹדֶשׁ צוּ אַלֶע חֳדָשִׁים פוּן דֶעם
יָאהְר, פוּן אִיטְלִיכֶע אָפְּטֵיילוּנְג זֶענֶען

גֶעוֶועזֶען פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד ׃
2 אִיבֶּער דִיא עֶרְשְׁטֶע אָפְּטֵיילוּנְג פוּן
דֶעם עֶרְשְׁטֶען חוֹדֶשׁ אִיז גֶעוֶועזֶען,
יָשָׁבְעָם, זוּהְן זַבְדִּיאֵל, אוּנְד אִין זַיינֶע
אָפְּטֵיילוּנְג זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיעֶר אוּנְד
צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד ׃
3 פוּן דִיא זִיהְן פוּן פֶּרֶץ, אִיז גֶעוֶוע־
זֶען דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן אַלֶע
פִירְשְׁטֶען פוּן דֶעם חַיִל פַאר דֶעם
עֶרְשְׁטֶען חוֹדֶשׁ ׃
4 אוּנְד אִיבֶּער דִיא אָפְּטֵיילוּנְג פוּן
דֶעם צְווייטֶען חוֹדֶשׁ, אִיז גֶעוֶועזֶען,
דוֹדַי דֶער אֲחוֹחִי, אוּנְד זַיינֶע אָפְּטֵיי־
לוּנְג אִיז גֶעוֶועזֶען מִקְלוֹת דֶער פִירְשְׁט,
אוּנְד אִין זַיינֶע אָפְּטֵיילוּנְג זֶענֶען
אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג
טוֹיזֶענְד ׃
5 דֶער דְרִיטֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער אִיבֶּער
דֶעם חַיִל, פַאר דֶעם דְרִיטֶען חוֹדֶשׁ
אִיז גֶעוֶועזֶען, בְּנָיָהוּ זוּהְן פוּן יְהוֹיָדָע
אַיין אוֹיבֶּערְשְׁטֶער כּוֹהֵן, אוּנְד אִין
זַיינֶע אָפְּטֵיילוּנְג זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, פִיעֶר
אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד ׃
6 דָאס אִיז דֶער בְּנָיָהוּ, וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ גִבּוֹר פוּן דִיא דְרֵייסִיג
אוּנְד אִיבֶּער דִיא דְרֵייסִיג, אוּנְד אִין
זַיינֶע אָפְּטֵיילוּנְג אִיז גֶעוֶועזֶען, עַמִּיזָבָד
זַיין זוּהְן ׃
7 דֶער פִיעֶרְטֶער פַאר דֶעם פִיעֶרְטֶען
חוֹדֶשׁ אִיז גֶעוֶועזֶען, עֲשָׂהאֵל דֶער
בְּרוּדֶער פוּן יוֹאָב, אוּנְד זְבַדְיָה זַיין
זוּהְן נָאךְ אִיהְם, אוּנְד אִין זַיינֶע אָפְּ־
טֵיילוּנְג זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, פִיעֶר אוּנְד
צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד ׃
8 דֶער פִינְפְטֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פַאר
דֶעם פִינְפְטֶען חוֹדֶשׁ אִיז גֶעוֶועזֶען,
שַׁמְהוּת דֶער יַזְרָחִי, אוּנְד אִין זַיינֶע
אָפְּטֵיילוּנְג זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, פִיעֶר אוּנְד
צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד ׃
9 דֶער זֶעקְסְטֶער פַאר דֶעם זֶעקְסְטֶען
חוֹדֶשׁ אִיז גֶעוֶועזֶען, עִירָא זוּהְן פוּן
עִקֵּשׁ דֶער תְּקוֹעִי, אוּנְד אִין זַיינֶע
אָפְּטֵיילוּנְג זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, פִיעֶר אוּנְד
צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד ׃
10 דֶער זִיבֶּעטֶער פַאר דֶעם זִיבֶּעטֶען
חוֹדֶשׁ אִיז גֶעוֶועזֶען חֶלֶץ דֶער פְּלוֹנִי,
פוּן דִיא בְּנֵי אֶפְרַיִם, אוּנְד אִין זַיינֶע
אָפְּטֵיילוּנְג זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיעֶר אוּנְד
צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד ׃
11 דֶער אַכְטֶער פַאר דֶעם אַכְטֶען
חוֹדֶשׁ אִיז גֶעוֶועזֶען סִבְּכַי דֶער חֻשָׁתִי
פוּן זַרְחִי, אוּנְד אִין זַיינֶע אָפְּטֵיילוּנְג
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג
טוֹיזֶענְד ׃
12 דֶער נֵיינְטֶער פַאר דֶעם נֵיינְטֶען
חוֹדֶשׁ אִיז גֶעוֶועזֶען אֲבִיעֶזֶר פוּן עַנְתוֹת
פוּן בִּנְיָמִין, אוּנְד אִין זַיינֶע אָפְּטֵיילוּנְג
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג
טוֹיזֶענְד ׃
13 דֶער צֶעהְנְטֶער פַאר דֶעם צֶעהְנְטֶען
חוֹדֶשׁ אִיז גֶעוֶועזֶען מַהֲרַי אוֹיס נְטוֹפָתִי
פוּן זַרְחִי, אוּנְד אִין זַיינֶע אָפְּטֵיילוּנְג
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג
טוֹיזֶענְד ׃
14 דֶער עֶלְפְטֶער פַאר דֶעם עֶלְפְטֶען
חוֹדֶשׁ אִיז גֶעוֶועזֶען בְּנָיָה דֶער פִּרְעָתוֹנִי
פוּן דִיא בְּנֵי אֶפְרַיִם, אוּנְד אִין זַיינֶע
אָפְּטֵיילוּנְג זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיעֶר אוּנְד
צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד ׃
15 דֶער צְוֶועלְפְטֶער פַאר דֶעם צְוֶועלְפ־
טֶען חוֹדֶשׁ אִיז גֶעוֶועזֶען חֶלְדַי אוֹיס
נְטוֹפָתִי פוּן עָתְנִיאֵל, אוּנְד אִין זַיינֶע
אָפְּטֵיילוּנְג זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיעֶר אוּנְד
צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד ׃

16 אוּנְד אִיבֶּער דִיא שְׁבָטִים פוּן
יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִירְשְׁטֶען, פוּן
רְאוּבֵן, אֱלִיעֶזֶר זוּהְן פוּן זִכְרִי, פוּן
שִׁמְעוֹן, שְׁפַטְיָהוּ זוּהְן פוּן מַעֲכָה:
17 פוּן לֵוִי, חֲשַׁבְיָה זוּהְן פוּן קְמוּאֵל,
פוּן אַהֲרוֹן, צָדוֹק:
18 פוּן יְהוּדָה, אֱלִיהוּ פוּן דָוִד'ס
בְּרִידֶער; פוּן יִשָּׂשכָר, עָמְרִי זוּהְן פוּן
מִיכָאֵל:
19 פוּן זְבוּלֻן, יִשְׁמַעְיָהוּ זוּהְן פוּן
עוֹבַדְיָהוּ; פוּן נַפְתָּלִי, יְרִימוֹת זוּהְן פוּן
עַזְרִיאֵל:
20 פוּן דִיא זִיהְן פוּן אֶפְרַיִם הוֹשֵׁעַ
זוּהְן פוּן עֲזַזְיָהוּ, פוּן דֶעם הַאלְבֶּען
שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה יוֹאֵל זוּהְן פוּן פְּדָיָהוּ:
21 פוּן דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה
אִין גִלְעָד, יִדּוֹ זוּהְן פוּן זְכַרְיָהוּ; פוּן
בִּנְיָמִין יַעֲשִׂיאֵל זוּהְן פוּן אַבְנֵר:
22 פוּן דָן עֲזַרְאֵל זוּהְן פוּן יְרוֹחָם;
דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא
פִירְשְׁטֶען אִיבֶּער דִיא שְׁבָטִים פוּן
יִשְׂרָאֵל:
23 אוּנְד דָוִד הָאט נִיט גֶעצֵיילְט פוּן
צְוַואנְצִיג יָאהְר אוּנְד אַפִילוּ פוּן דַא־
רוּנְטֶער, ווייל גָאט הָאט צוּגֶעזָאגְט אַז
עֶר וֶועט פֶערְמֶעהְרֶען יִשְׂרָאֵל אַזוֹי וִויא
דִיא שְׁטֶערְן פוּן דֶעם הִימֶעל:
24 יוֹאָב זוּהְן פוּן צְרוּיָה הָאט אָנְ־
גֶעהוֹיבֶּען צוּ צֵיילֶען אָבֶּער עֶר הָאט
נִיט פֶערְלֶענְט, וָוארִין עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
וֶועגְן דֶעם דָאזִיגֶען דָאס גָאט הָאט
גֶעצָארְנְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי אִיז דִיא
צָאל נִיט אוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען אִין
דֶער צָאל פוּן דִבְרֵי הַיָמִים פוּן דָוִד
הַמֶּלֶךְ:*
25 אוּנְד אִיבֶּער דִיא אוֹצְרוֹת פוּן

*דאס איז דיא העלפט פון דברי הימים:

דֶעם מֶלֶךְ אִיז גֶעוֶועזֶען עַזְמָוֶת זוּהְן
פוּן עֲדִיאֵל, אוּנְד אִיבֶּער דִיא אוֹצְרוֹת
פוּן דִיא פֶעלְדֶער, אִין דִיא שְׁטֶעט,
אוּנְד אִין דִיא דֶערְפֶער, אוּנְד אִין דִיא
טוּרְמֶער אִיז גֶעוֶועזֶען יְהוֹנָתָן זוּהְן פוּן
עֻזִּיָהוּ:
26 אוּנְד אִיבֶּער דִיא וָואס הָאבֶּען
גֶעטְהוּן דִיא פֶעלְד אַרְבֵּייט, דָאס לַאנְד
צוּ אַקֶערְן אִיז גֶעוֶועזֶען עֶזְרִי זוּהְן פוּן
כְּלוּב:
27 אוּנְד אִיבֶּער דִיא ווייַנְגֶערְטֶען אִיז
גֶעוֶועזֶען שִׁמְעִי אוֹיס רָמָה, אוּנְד אִיבֶּער
דֶעם וָואס קוּמְט פוּן דִיא ווייַנְגֶערְטֶען,
דִיא אוֹצְרוֹת פוּן וויין אִיז גֶעוֶועזֶען
זַבְדִּי דֶער שִׁפְמִי:
28 אוּנְד אִיבֶּער דִיא אֵיילְבֶּערְט בֵּיי־
מֶער אוּנְד דִיא (אַרְט) פֵייגֶען בֵּיימֶער
וָואס זֶענֶען אִין דֶעם נִידְרִיגֶען פְלוֹין
אִיז גֶעוֶועזֶען בַּעַל חָנָן דֶער גְדֵרִי;
אוּנְד אִיבֶּער דִיא אוֹצְרוֹת פוּן דֶעם
אֵייל אִיז גֶעוֶועזֶען יוֹאָשׁ:
29 אוּנְד אִיבֶּער דִיא רִינְדֶער וָואס
הָאבֶּען זִיךְ גֶעפַּאשֶׁעט אִין שָׁרוֹן, אִיז
גֶעוֶועזֶען שִׁרְטַי אוֹיס שָׁרוֹן, אוּנְד אִיבֶּער
דִיא רִינְדֶער אִין דִיא טָאלֶען אִיז גֶע־
וֶועזֶען שָׁפָט זוּהְן פוּן עַדְלָי:
30 אוּנְד אִיבֶּער דִיא קֶעמֶעלְן אִיז
גֶעוֶועזֶען אוֹבִיל דֶער יִשְׁמְעֵאלִי, אוּנְד
אִיבֶּער דִיא אֵייזֶעלְן אִיז גֶעוֶועזֶען
יֶחְדְיָהוּ דֶער מֵרוֹנוֹתִי:
31 אוּנְד אִיבֶּער דִיא שָׁאף אִיז גֶע־
וֶועזֶען יָזִיז דֶער הַגְרִי; אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִירְשְׁטֶען אִיבֶּער דֶעם
פֶערְמֶעגֶען פוּן דָוִד הַמֶּלֶךְ:
32 אוּנְד יְהוֹנָתָן דָוִד'ס פֶעטֶער אִיז
גֶעוֶועזֶען אִין עֵצָה גֶעבֶּער, אַ קְלוּגֶער־
מַאן, אוּנְד אַ סוֹפֵר, אוּנְד יַחִיאֵל זוּהְן

פוּן

פוּן חַכְמוֹנִי אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם מֶלֶךְ'ס זִיהְן ׃

33 אוּנְד אֲחִיתוֹפֶל אִיז גֶעוֶועזֶען דֶעם מֶלֶךְ'ס עֵצָה גֶעבֶּער, אוּנְד חוּשַׁי דֶער עַרְכִּי אִיז גֶעוֶועזֶען דֶעם מֶלֶךְ'ס חָבֵר ׃

34 אוּנְד נָאךְ אֲחִיתוֹפֶל אִיז גֶעוֶועזֶען יְהוֹיָדָע זוּהְן פוּן בְּנָיָהוּ, אוּנְד אֶבְיָתָר, אוּנְד דֶער אוֹיבֶּערשְׁטֶער אִיבֶּער דֶעם מֶלֶךְ'ס חַיִל אִיז גֶעוֶועזֶען יוֹאָב ׃

## קאפיטעל כח

1 אוּנְד דָוִיד הָאט פֶערְזַאמֶעלְט אַלֶע אוֹיבֶּערשְׁטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, דִיא אוֹיבֶּער־שְׁטֶע פוּן דִיא שְׁבָטִים, דִיא אוֹיבֶּער־שְׁטֶע פוּן דִיא אָפְּטֵיילוּנְגֶען, דִיא בֶּע־דִינְטֶע פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערשְׁטֶע אִיבֶּער טוֹיזֶענְדֶע, אוּנְד אוֹיבֶּערשְׁטֶע אִיבֶּער הוּנְדֶערְטֶע, אוּנְד אוֹיבֶּערשְׁטֶע אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען פֶערְ־מֶעגֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד זַיינֶע זִיהְן מִיט דִיא דִינֶער אוּנְד מִיט דִיא גִבּוֹרִים, אוּנְד מִיט אַלֶע שְׁטַארְקֶע חַיִל'ס לֵייט, נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם ׃

2 אוּנְד דָוִיד הַמֶּלֶךְ אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף זַיינֶע פִּיס, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־זָאגְט, הֶערְט מִיךְ צוּ, מֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד מֵיין פָאלְק, עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין מֵיין הַארְץ צוּ בּוֹיעֶן אַ הוֹיז פוּן מְנוּחָה פַאר דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם בְּרִית פוּן גָאט, אוּנְד פַאר אַ פוּסְבַּאנְק פוּן אוּנְ־זֶער גָאט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס אָנְגֶע־בְּרֵייט כְּדֵי צוּ בּוֹיעֶן ׃

3 אָבֶּער גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט בּוֹיעֶן אַ הוֹיז פַאר מֵיין נָאמֶען, וֵוייל דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אַ מִלְחָמָה מַאן, אוּנְד דוּא הָאסְט בְּלוּט פֶערְגָאסֶען ׃

4 אָבֶּער יְהוָֹה דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט מִיךְ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט פוּן דֶעם גַאנְצֶען הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן מֵיין פָאטֶער כְּדֵי אִיךְ זָאל זַיין אַ מֶלֶךְ אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אוֹיף אֵייבִּיג, וָוארִין אִין יְהוּדָה הָאט עֶר זִיךְ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט אַ נָגִיד, אוּנְד פוּן דֶעם הוֹיז פוּן יְהוּדָה, מֵיין פָאטֶערְס הוֹיז, אוּנְד פוּן מֵיין פָאטֶערְס זִיהְן הָאט עֶר מִיךְ בֶּעוִוילִיגְט כְּדֵי מִיךְ צוּ מַאכֶען פַאר אַ מֶלֶךְ אִיבֶּער גַאנְץ יִשְׂרָאֵל ׃

5 אוּנְד פוּן אַלֶע מֵיינֶע זִיהְן, וָוארִין גָאט הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען פִּילֶע זִיהְן,— הָאט עֶר אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט מֵיין זוּהְן שְׁלֹמֹה כְּדֵי אִיהְם צוּ זֶעצֶען אוֹיף דָאס טְרוֹין שְׁטוּל פוּן גָאט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל ׃

6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דֵיין זוּהְן שְׁלֹמֹה, עֶר וֶועט בּוֹיעֶן מֵיין הוֹיז אוּנְד מֵיין הוֹיף, וָוארִין אִיךְ הָאבּ אִיהְם אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט צוּ מִיר צוּ זַיין אַ זִיהְן, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ אִיהְם זַיין אַ פָאטֶער ׃

7 אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיךְ אָנְבְּרֵייטֶען זַיין מַלְכוּת בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג, וֶוען עֶר וֶועט זִיךְ שְׁטַארְקֶען צוּ טְהוּן מֵיינֶע מִצְוֹת אוּנְד מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג ׃

8 אוּנְד אַצוּנְד, פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן יְהוָֹה, אוּנְד פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן אוּנְזֶער גָאט, הִיט אוּנְד פָארְשְׁט נָאךְ אַלֶע מִצְוֹת פוּן יְהוָֹה אֵייעֶר גָאט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט יִרְשְׁנ'ן דָאס גוּטֶע לַאנְד, אוּנְד דָאס אֵיירֶע קִינְדֶער נָאךְ אֵייךְ זָאלֶען עֶס הָאבֶּען פַאר אַ נַחֲלָה בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג ׃

9 אוּנְד דוּא, שְׁלֹמֹה מֵיין זוּהְן,

עס זאָל פון דיר ניט אָפּגעשניטען
ווערען אַ מאַן וואָס זאָל זיין אַ
געוועלטיגער אין ישׂראל:
19 אָבער ווען איהר וועט אייך
אַוועקקעהרען, אונד איהר וועט פער־
לאָזען מיינע געזעץ אונד מיינע מצות
וואָס איך האָב פאַר אייך געגעבען,
אונד איהר וועט גיין אונד איהר וועט
דינען אַנדערע געטער, אונד איהר
וועט אייך צו זייא בּיקען:
20 אַזוי וועל איך זייא אויסרייסען
פון מיין לאַנד וואָס איך האָב צו זייא
געגעבען אונד דאָס הויז וואָס איך
האָב געהייליגט פאַר מיין נאָמען וועל
איך פערוואַרפען פון פאַר מיין פּנים,
אונד איך וועל עס אַהינגעבען צו אַ
משל אונד אַ שפּאָט־רייד צווישען
אַלע פעלקער:
21 אונד דאָס דאָזיגע הויז, וואָס איז
געוועזען זעהר הויך פאַר אַלע וואָס
זענען דערפאַר פאַרבּייא געגאַנגען,
וועט ווערען אַ פערוואונדערונג: אַז
מען וועט זאָגען פאַרוואָס האָט גאָט
אַזוי געטהון צו דעם דאָזיגען לאַנד,
אונד צו דעם דאָזיגען הויז?
22 אונד מען וועט זאָגען, ווייל זייא
האָבען פערלאָזט יהוה דעם גאָט פון
זייערע אָבות, וואָס האָט זייא אַרויס־
געבּראַכט פון לאַנד מצרים, אונד זייא
האָבען זיך אָנגעהאַלטען אָן אַנדערע
געטער, אונד זייא האָבען זיך צו זייא
געבּיקט אונד זייא געדינט, דאַריבּער
האָט ער איבּער זייא געבּרענגט אַלעם
דאָס דאָזיגע שלעכטעס:

קאַפּיטעל ח

1 אונד עס איז געוועזען אין דעם
ענד פון צוואַנציג יאָהר, דאָס שלמה
האָט געבּויט דאָס הויז פון גאָט אונד
זיין אייגען הויז:
2 אונד דיא שטעט וואָס חורם האָט
געגעבען צו שלמה, זייא האָט שלמה
געבּויעט אונד ער האָט ישׂראל דאָרט
געמאַכט וואוינען:
3 אונד שלמה איז אַהינגעגאַנגען
קעגען חמת צובה, אונד ער האָט עס
איינגענומען:
4 אונד ער האָט געבּויעט תּדמור אין
דער מדבּר, אונד אַלע שטעט פון
בּעהאַלטענעס וואָס ער האָט געבּויעט
אין חמת:
5 אונד ער האָט געבּויעט דאָס
אויבּערשטע בּית חורון אונד דאָס
אונטערשטע בּית חורון, דיא פעסטע
שטעט מיט מויערן, טירען, אונד ריגעלן:
6 אונד בּעלת, אונד אַלע בּעהאַל־
טונגס־שטעט וואָס האָבען געהערט צו
שלמה, אונד אַלע שטעט פון דיא
רייטוועגען אונד דיא רייטער, אונד
אַלעס וואָס שלמה האָט געגלוסט,
אונד דאָס וואָס ער האָט געגלוסט צו
בּויען אין ירושלים אונד אין לבנון,
אונד אין דעם גאַנצען לאַנד פון זיינע
געוועלטיגקייט:
7 דאָס גאַנצע פאָלק וואָס איז איי־
בּערגעבּליבּען פון דעם חתּי, אונד
דעם אמורי, אונד דעם פּרזי, אונד
דעם חוי, אונד דעם יבוסי, וואָס זייא
זענען ניט געוועזען פון ישׂראל:
8 אונד פון זייערע קינדער וואָס זענען
נאָך זייא איבּערגעבּליבּען אין דעם
לאַנד, וואָס דיא קינדער ישׂראל
האָבען זייא ניט פערטילגט, דיא האָט
שלמה געמאַכט בּעצאָלען מס בּיז צו
דעם היינטיגען טאָג:

9 אָבֶּער פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאט שְׁלֹמֹה נִיט גֶענוּמֶען צוּ קְנֶעכְט פַאר זַיינֶע מְלָאכָה, וָוארִין זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִלְחָמָה־לֵייט, אוּנְד אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אִיבֶּער דִיא גִבּוֹרִים, אוּנְד אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אִיבֶּער דִיא רַייטְוֶועגֶען אוּנְד רַייטֶער:

10 אוּנְד דִיא צָאל פוּן דִיא אָנְגֶעשְׁטֶעלְטֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְווייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג, וָואס הָאבֶּען אָרוּפְגֶענִידֶערְט אוּנְטֶער דֶעם פָאלְק:

11 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פַּרְעוֹה'ס טָאכְטֶער פוּן דֶער שְׁטָאט דָוִיד צוּ דֶעם הוֹיז וָואס עֶר הָאט פַאר אִיהְר גֶעבּוֹיעֶט, וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מַיין וַוייבּ זָאל נִיט מִיט מִיר וְואוֹינֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן דָוִיד מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל, ווייל דָאס הוֹיז אִיז גֶעוֶועזֶען הֵיילִיג, אִין וָואס דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אִיז אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען:

12 דֶענְסְמָאל הָאט שְׁלֹמֹה אוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט קָרְבָּן עוֹלוֹת צוּ גָאט אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן גָאט וָועלְכֶען עֶר הָאט גֶעבּוֹיעֶט פַאר דֶעם פָאר־הוֹיז:

13 אוּנְד אִין דֶער זַאךְ פוּן אִיטְלִיכֶען טָאג, כְּדֵי מַקְרִיב צוּ זַיין נָאךְ דֶעם גֶעבָּאט פוּן מֹשֶׁה, אַן דִיא שַׁבָּתִים, אוּנְד דִיא חָדָשִׁים, אוּנְד דִיא יוֹמִים טוֹבִים, דְרֵייא מָאל אִין דֶעם יָאהְר, דְהַיְינוּ אַן דֶעם יוֹם טוֹב פוּן מַצּוֹת, אוּנְד שָׁבוּעוֹת אוּנְד סוּכּוֹת:

14 אוּנְד עֶר הָאט בֶּעשְׁטִימְט נָאךְ דֶעם מִשְׁפָּט פוּן דָוִיד זַיין פָאטֶער, דִיא אָפְּטֵיילוּנְג פוּן דִיא כּוֹהֲנִים אִיבֶּער זֵייעֶר דִינְסְט, אוּנְד דִיא לְוִיִם אִיבֶּער זֵייעֶרֶע הִיטוּנְג, כְּדֵי צוּ לוֹיבֶּען אוּנְד צוּ בֶּעדִינֶען עֶנְטְקֶעגֶען דִיא כּוֹהֲנִים נָאךְ דֶער זַאךְ פוּן אִיטְלִיכֶען טָאג, אוּנְד דִיא טִיעֶר־הִיטֶערְס נָאךְ זֵייעֶרֶע אָפְּטֵיילוּנְג פַאר אִיטְלִיכֶער טוֹיעֶר, וָוארִין אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס גֶעבָּאט פוּן דָוִיד דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן:

15 אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ'ס גֶעבָּאט וֶועגֶען דִיא כּוֹהֲנִים אוּנְד דִיא לְוִיִם, אוּנְד צוּ אִיטְלִיכֶער זַאךְ, אוּנְד וֶועגֶען דִיא אוֹצְרוֹת:

16 אוּנְד אַזוֹי אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט גֶעוָוארֶען דִיא גַאנְצֶע אַרְבֵּייט פוּן שְׁלֹמֹה בִּיז צוּ דֶעם טָאג וָוען מֶען הָאט גֶעלֵייגְט דֶעם גְרוּנְד פוּן דֶעם הוֹיז פוּן גָאט בִּיז דָאס גַאנְצֶע הוֹיז פוּן גָאט אִיז פֶערְלֶענְדִט גֶעוָוארֶען:

17 דֶענְסְמָאל אִיז שְׁלֹמֹה אַהִינְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ עֶצְיוֹן־גֶבֶר, אוּנְד נָאךְ אֵילוֹת, בֵּייא דֶעם בָּארְטֶען פוּן דֶעם יָם אִין דֶעם לַאנְד אֱדוֹם:

18 אוּנְד חוּרָם הָאט צוּ אִיהְם אַהִינְגֶעשִׁיקְט דוּרְךְ זַיינֶע קְנֶעכְט, שִׁיפֶען אוּנְד זָאלְכֶע קְנֶעכְט וָואס פֶערְשְׁטֵייעֶן דָאס יָם, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען מִיט דִיא קְנֶעכְט פוּן שְׁלֹמֹה נָאךְ אוֹפִיר, אוּנְד זַייא הָאבֶּען פוּן דָארְטֶען גֶענוּמֶען פִיעֶר הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג צֶענְטְנֶער גָאלְד, אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעבְּרַאכְט צוּ שְׁלֹמֹה:

## קאפיטעל ט

1 אוּנְד אַלְס דִיא מַלְכָּה פוּן שְׁבָא הָאט גֶעהֶערְט דֶעם שֵׁם פוּן שְׁלֹמֹה אַזוֹי אִיז זִיא גֶעקוּמֶען אִיהְם צוּ פְּרִיפֶען דוּרְךְ רֶעטְזֶעלְן אִין יְרוּשָׁלַיִם; אוּנְד זִיא אִיז גֶעקוּמֶען מִיט אַ זֶעהְר גְרוֹיס חַיִל, אוּנְד קֶעמֶעלְן וָואס

טְרָאגֶען גֶעווירְץ, אוּנְד זֶעהְר פִיל גָאלְד אוּנְד עֶדֶעלְשְׁטֵיינֶער, אוּנְד זִיא אִיז גֶעקוּמֶען צוּ שְׁלמה'ן אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט אַלֶעס וָואס אִיז בַּייא אִיהְר גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם הַארְץ ׃

2 אוּנְד שְׁלמה הָאט אִיהְר גֶעזָאגְט אַלֶע אִיהְרֶע רֵייד, עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אֵיין זַאךְ פֶערְבָּארְגֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ וָואס עֶר הָאט נִיט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט ׃

3 אוּנְד דִיא מַלְכָּה פוּן שְׁבָא הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא גַאנְצֶע חָכְמָה פוּן שְׁלמה, אוּנְד דָאס הויז וָואס עֶר הָאט גֶעבּויעְט ׃

4 אוּנְד דִיא שְׁפֵּייז פוּן זֵיין טִישׁ, אוּנְד דִיא וְואוינוּנְג פוּן זֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד דִיא אָרְדְנוּנְג פוּן זֵיינֶע דִינֶער, אוּנְד זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זֵיין גֶעטְרַאנְק, אוּנְד זֵיינֶע עוֹלוֹת וָואס עֶר הָאט אויפְגֶעבְּרַאכְט אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶס אִיז אִין אִיהְר נִיט מֶעהְר קֵיין גֵייסְט גֶעבְּלִיבֶּען ׃

5 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, דִיא זַאךְ אִיז גֶעוֶועזֶען אֱמֶת, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אִין מֵיין לַאנְד וֶועגֶען דִיר, אוּנְד וֶועגֶען דֵיינֶע חָכְמָה ׃

6 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ דִיא רֵייד נִיט גֶעגְלויבְּט, בִּיז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אוּנְד מֵיינֶע אויגֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה, דִיא הֶעלְפְט אִיז מִיר נִיט גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען פוּן דֵיינֶע גְרויסֶע חָכְמָה, דוּא הָאסְט מֶעהְר וִויא דֶער בֶּערִיכְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט ׃

7 וְואוֹיל אִיז צוּ דֵיינֶע מֶענְשֶׁען, אוּנְד וְואוֹיל צוּ דִיא דָאזִיגֶע דֵיינֶע קְנֶעכְט, וָואס שְׁטֵייעֶן פַאר דִיר שְׁטֶענְדִיג, וָואס הֶערֶען דֵיינֶע חָכְמָה ׃

8 גֶעבֶּענְשְׁט זָאל זֵיין דֶער הַאר דֵיין גָאט, וָואס עֶר הָאט אִין דִיר בֶּעגֶעהְרְט, כְּדֵי דִיךְ צוּ זֶעצֶען אויף זֵיין שְׁטוּהְל, צוּ זֵיין אַ מֶלֶךְ צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט, וַוייל דֵיין גָאט הָאט יִשְׂרָאֵל לִיבּ, כְּדֵי זֵייא אויף אֵייבִּיג אויפְצוּשְׁטֶעלֶען, אַזוֹי הָאט עֶר דִיךְ גֶעמַאכְט פַאר אַ מֶלֶךְ אִיבֶּער זֵייא, צוּ טְהוּן מִשְׁפָּט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט ׃

9 אוּנְד זִיא הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם מֶלֶךְ הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג צֶענְטְנֶער גָאלְד, אוּנְד זֶעהְר פִיל גֶעווירְץ, אוּנְד עֶדֶעלְשְׁטֵיינֶער, אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא דָאס דָאזִיגֶע גֶעווירְץ וָואס דִיא מַלְכָּה פוּן שְׁבָא הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ שְׁלמה ׃

10 אוּנְד אויךְ דִיא קְנֶעכְט פוּן חוּרָם, אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן שְׁלמה, וָואס הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט גָאלְד פוּן אוֹפִיר, הָאבֶּען אויךְ גֶעבְּרַאכְט קָארַאלֶען־הָאלְץ, אוּנְד טֵייעֶרֶע (עֶדֶעלְשְׁטֵיינֶער) ׃

11 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעמַאכְט פוּן דֶעם קָארַאלֶען־הָאלְץ אַ גֶעלֶענְדֶער צוּ דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד צוּ דֶעם הויז פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד הַארְפֶּען אוּנְד פְּלֵייטֶען פַאר דִיא זִינְגֶער, אוּנְד זָאלְכֶעס אִיז פְרִיהֶער נִיט גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם לַאנְד פוּן יְהוּדָה ׃

12 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ שְׁלמה הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא מַלְכָּה פוּן שְׁבָא אִיהְר גַאנְצֶעס בֶּעגֶעהְר, וָואס זִיא הָאט פֶערְלַאנְגְט, חוּץ דֶעם וָואס זִיא הָאט גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זִיא אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהְר לַאנְד, זִיא אוּנְד אִיהְרֶע קְנֶעכְט ׃

13 אונד דאס געוויכט פון דעם גאָלד
וואס איז געקומען צו שלמה אין איין
יאָהר איז געוועזען, זעקס הונדערט
אונד זעקס אונד זעכציג צענטנער
גאָלד:
14 חוץ דעם וואס דיא ארומגייענדע
קרעמער אונד דיא סוחרים האבען
געברענגט, אונד אלע אראבישע מלכים
אונד דיא שטאטהאלטערס האבען
געברענגט גאָלד אונד זילבער צו
שלמה:
15 אונד דער מלך שלמה האט גע־
מאכט צווייא הונדערט שילדען פון
געשלאגענעם גאָלד, זעקס הונדערט
גאָלד־שטיק (שקל) איז ארויפגעגאנגען
אויף איין שילד:
16 אונד דרייא הונדערט פאנצער
פון געשלאגענעם גאָלד, דרייא הונ־
דערט (שקל) גאָלד איז ארויפגעגאנגען
אויף איין פאנצער, אונד דער מלך
האט זייא אריינגעגעבען אין דעם הויז
פון דעם וואלד לבנון:
17 אונד דער מלך האט געמאכט א
גרויסען שטוהל פון עלעפאנטביין,
אונד ער האט איהם בעדעקט מיט
ריין גאָלד:
18 אונד דער שטוהל האט געהאט
זעקס טרעפען, מיט א פוס־באנק פון
גאָלד, וואס איז געוועזען בעפעסטיגט
צו דעם שטוהל, אונד ארם־לעהנען
זענען געוועזען פון ביידע זייטען פון
דעם זיץ־אָרט, אונד צווייא לייבען
זענען געשטאנען בייא דיא זייטען:
19 אונד צוועלף לייבען זענען דארטען
געשטאנען אויף דיא זעקס טרעפען
פון ביידע זייטען, אזאלכעס איז ניט
געמאכט געוואָרען צו קיין קעניגרייך:

20 אונד אלע טרינק־געפעס פון דעם
מלך שלמה זענען געוועזען פון גאָלד,
אונד אלע כלים אין דעם הויז פון
דעם וואלד לבנון זענען געוועזען פון
ריין גאָלד, זילבער איז ניט געאכטעט
געוועזען אין שלמה'ס צייטען:
12 וואָרין דעם מלך'ס שיפען זענען
געגאנגען נאך תרשיש מיט חורם'ס
קנעכט, איין מאל אין דרייא יאָהר
זענען דיא שיפען פון תרשיש אנגע־
קומען, אנגעלאדענט מיט גאָלד אונד
זילבער, עלעפאנטען אונד אפען, אונד
פפויען:
22 אזוי איז דער מלך שלמה געווע־
זען גרעסער פון אלע מלכים פון דעם
לאנד, מיט רייכטהום אונד מיט
חכמה:
23 אונד אלע מלכים פון דער ערד
האבען בעגעהרט (צו זעהען) דאס
פנים פון שלמה, צו הערען זיינע
חכמה וואס גאָט האט געגעבען אין
זיין הארץ:
24 אונד זייא האבען געבראכט איט־
ליכער זיין געשענק, זילבערנע כלים
אונד גאָלדענע כלים, אונד קליידער,
וואפען אונד געווירץ, פערד אונד
מויל־אייזעלן, יאָהר פיר יאָהר:
25 אונד שלמה האט געהאט פיער
טויזענד שטאלען פערד אונד רייט־
וועגען, אונד צוועלף טויזענד רייטער,
אונד ער האט זייא געלאזען אין דיא
שטעט פון דיא רייטוועגען, אונד בייא
דעם מלך אין ירושלים:
26 אונד ער האט געוועלטיגט איבער
אלע מלכים פון דעם טייך ביז צו
דעם לאנד פון דיא פלשתים אונד ביז
צו דער גרענעץ פון מצרים:

אונד

27 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעגֶעבֶּען
דָאס זִילְבֶּער אִין יְרוּשָׁלַיִם אַזוֹי וִויא
שְׁטֵיינֶער, אוּנְד דִיא טֶענֶענְבֵּיימֶער אַזוֹי
פִּיל וִויא דִיא פֵייגֶענְבֵּיימֶער וָואס זֶענֶען
אִין דֶעם טָאל:
28 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט
פֶערְד אוֹיס מִצְרַיִם אוּנְד פוּן אַלֶע
לֶענְדֶער פַאר שְׁלֹמֹה:
29 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
שְׁלֹמֹה, דִיא עֶרְשְׁטֶע אוּנְד דִיא לֶעצְטֶע,
זֶענֶען זֵייא נִיט אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם
בּוּךְ פוּן נָתָן הַנָבִיא, אוּנְד אִין דֶער
נְבוּאָה פוּן אֲחִיָה דֶער שִׁילוֹנִי, אוּנְד
אִין דֶער נְבוּאָה פוּן יֶעְדוֹ דֶעם זֶעהֶער
אִיבֶּער יָרָבְעָם בֶּן נְבָט:
30 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט רֶעגִיעֶרְט אִין
יְרוּשָׁלַיִם אִיבֶּער גַאנְץ יִשְׂרָאֵל פִירְצִיג
יָאהר:
31 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט
מִיט זֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד עֶר אִיז בֶּע־
גְרָאבֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶער שְׁטָאט פוּן
דָוִיד זֵיין פָאטֶער, אוּנְד זֵיין זוּהְן רְחַבְעָם
הָאט רֶעגִיעֶרְט אַנְשְׁטָאט אִיהְם:

קאפיטעל י

1 אוּנְד רְחַבְעָם אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען
נָאךְ שְׁכֶם, וָוארִין אִין שְׁכֶם זֶענֶען
גַאנְץ יִשְׂרָאֵל אָנְגֶעקוּמֶען כְּדֵי אִיהְם צוּ
מַאכֶען פַאר אַ מֶלֶךְ:
2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען יָרָבְעָם
בֶּן נְבָט הָאט דָאס גֶעהֶערְט,—עֶר אִיז
דֶענְסְמָאל גֶעוֶועזֶען אִין מִצְרַיִם וָוארִין
עֶר אִיז עֶנְטְלָאפֶען פַאר שְׁלֹמֹה הַמֶלֶךְ,
—אוּנְד יָרָבְעָם אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען אוֹיס
מִצְרַיִם:
3 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אַהִינְגֶעשִׁיקְט אוּנְד
אִיהְם גֶערוּפֶען, אַזוֹי אִיז יָרָבְעָם אוּנְד
גַאנְץ יִשְׂרָאֵל גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶערֶעדְט צוּ רְחַבְעָם, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען:
4 דֵיין פָאטֶער הָאט שְׁוֶוער גֶעמַאכְט
אוּנְזֶער יָאךְ, אוּנְד אַצוּנְד מַאךְ לֵייכְטֶער
דֶעם דִינְסְט פוּן דֵיין פָאטֶער וָואס אִיז
שְׁוֶוער, אוּנְד דָאס יָאךְ וָואס עֶר הָאט
אוֹיף אוּנְס גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד מִיר וֶועלֶען
דִיר דִינֶען:
5 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִין דְרֵייא טֶעג זָאלְט אִיהְר צוּ מִיר
צוּרִיקְקוּמֶען, אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען:
6 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ רְחַבְעָם הָאט גֶע־
הַאלְטֶען אֵיין עֵצָה מִיט דִיא אַלְטֶע
לֵייט וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פַאר זֵיין
פָאטֶער שְׁלֹמֹה, וֶוען עֶר הָאט נָאךְ
גֶעלֶעבְּט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וָואס פַאר
אֵיין עֵצָה גֶעט אִיהְר מִיר אַז אִיךְ זָאל
צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק עֶנְטְפֶערְן:
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶערֶעדְט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען דוּא וֶועסְט פְרֵיינְד־
לִיךְ זֵיין צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק, אוּנְד
וֶועסְט זֵייא בֶּעווִילִיגֶען, אַזוֹי זָאלְסְט
דוּא צוּ זֵייא רֶעדֶען גוּטֶע וֶוערְטֶער,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען צוּ דִיר זֵיין קְנֶעכְט
אַלֶע טֶעג:
8 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְלָאזֶען דִיא עֵצָה
פוּן דִיא עֶלְצְטֶע וָואס הָאבֶּען אִיהְם
גֶערָאטֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ בֶּערָאטֶען
מִיט דִיא יוּנְגֶע לֵייט וָואס זֶענֶען מִיט
אִיהְם אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען, אוּנְד וָואס זֶענֶען
פַאר אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען:
9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וָואס פַאר אֵיין עֵצָה גֶעט אִיהְר אַז
מִיר זָאלֶען עֶנְטְפֶערְן דֶעם דָאזִיגֶען
פָאלְק, וָואס הָאבֶּען צוּ מִיר גֶערֶעדְט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, מַאךְ אוּנְס גְרִינְגֶער

דָאס יָאךְ וָואס דַיין פָאטֶער הָאט אוֹיף
אוּנְס גֶעגֶעבֶּען ?
10 אוּנְד דִיא יוּנְגֶע לַייט הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶערֶעט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי
זָאלְסְט דוּא זָאגֶען צוּ דֶעם פָאלְק וָואס
הָאט צוּ דִיר גֶערֶעט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
דַיין פָאטֶער הָאט שְׁוָוער גֶעמַאכְט
אוּנְזֶער יָאךְ, אָבֶּער מַאךְ דוּא עָס
גְרִינְגֶער פַאר אוּנְס, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא
צוּ זַייא זָאגֶען, מַיין קְלֵיינֶער פִינְגֶער
זָאל דִיקֶער זַיין וִויא מַיין פָאטֶעְר'ס
לֶענְדֶען :
11 אוּנְד וִויא מַיין פָאטֶער הָאט אוֹיף
אֵייךְ גֶעלָאדֶען אַ שְׁוֶוערֶעס יָאךְ, אַזוֹי
וֶועל אִיךְ נָאךְ פֶערְמֶעהְרֶען דָאס יָאךְ
אוֹיף אֵייךְ, מַיין פָאטֶער הָאט אֵייךְ
גֶעשְׁטְרָאפְט מִיט רִיטֶער, אָבֶּער אִיךְ
וֶועל אֵייךְ שְׁטְרָאפֶען מִיט דֶערְנֶער :
12 אוּנְד יָרָבְעָם אוּנְד דָאס גַאנְצֶע
פָאלְק זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ רְחַבְעָם אִין
דֶעם דְרִיטֶען טָאג, אַזוֹי וִויא דֶער מֶלֶךְ
הָאט גֶערֶעט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, קוּמְט
צוּרִיק צוּ מִיר אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג :
13 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט זַייא הַארְט
גֶעעֶנְטְפֶערְט ; וָוארִין דֶער מֶלֶךְ רְחַבְעָם
הָאט פֶערְלָאזְען דִיא עֵצָה פוּן דִיא
אַלְטֶע לַייט :
14 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶערֶעט
נָאךְ דֶער עֵצָה פוּן דִיא יוּנְגֶע לַייט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, מַיין פָאטֶער הָאט
אֵייעֶר יָאךְ שְׁוָוער גֶעמַאכְט, אָבֶּער אִיךְ
וֶועל עָס נָאךְ פֶערְמֶעהְרֶען, מַיין פָאטֶער
הָאט אֵייךְ גֶעשְׁטְרָאפְט מִיט רִיטֶער
אָבֶּער אִיךְ וֶועל אֵייךְ שְׁטְרָאפֶען מִיט
דֶערְנֶער :
15 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט נִיט גֶע־
הָארְכְט צוּ דֶעם פָאלְק, וָוארִין דִיא
סִיבָּה אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן גָאט, כְּדֵי יְהוָֹה
זָאל בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען זַיין וָוארְט וָואס עֶר
הָאט גֶערֶעט דוּרְךְ אֲחִיָּהוּ דֶעם שִׁילוֹנִי
צוּ יָרָבְעָם בֶּן נְבָט :
16 וֶוען גַאנְץ יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזֶעהֶען
דָאס דֶער מֶלֶךְ הָאט נִיט צוּ זַייא גֶע־
הֶערְט, אַזוֹי הָאט דָאס פָאלְק גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט דֶעם מֶלֶךְ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וָואס
פַאר אַ חֵלֶק הָאבֶּען מִיר אִין דָוִד ?
אוּנְד מִיר הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע נַחֲלָה אִין
דֶעם זוּהְן פוּן יִשַׁי, — לָאז אִיטְלִיכֶער
מַאן פוּן יִשְׂרָאֵל גֵיין אִין זַיין גֶעצֶעלְט,
אוּנְד אַצוּנְד, דָוִד, זֶעה צוּ דַיין אֵייגֶען
הוֹיז ; אַזוֹי אִיז גַאנְץ יִשְׂרָאֵל גֶעגַאנְגֶען
אִיטְלִיכֶער צוּ זַיין גֶעצֶעלְט :
17 אָבֶּער דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
וָואס הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט אִין דִיא שְׁטֶעט
פוּן יְהוּדָה אִיבֶּער זַייא הָאט רְחַבְעָם
רֶעגִירֶעְרט :
18 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ רְחַבְעָם הָאט
אַהִינְגֶעשִׁיקְט דֶעם הֲדוֹרָם וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דֶעם מַס, אָבֶּער דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
שְׁטֵיינִיגְט מִיט שְׁטֵיינֶער, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען, אָבֶּער דֶער מֶלֶךְ רְחַבְעָם
הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אַרוֹיפְצוּגֵיין אִין
זַיין רֵייטְוָואגֶען כְּדֵי צוּ עֶנְטְלוֹיפֶען נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם :
19 אוּנְד דִיא יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען מוֹרֵד
גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען דֶעם הוֹיז פוּן דָוִד
בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג :

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד וֶוען רְחַבְעָם אִיז גֶעקוּמֶען
נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי הָאט עֶר פֶערְ־
זַאמֶעלְט דָאס הוֹיז פוּן יְהוּדָה אוּנְד
בִּנְיָמִין, הוּנְדֶערְט אוּנְד אַכְצִיג טוֹיזֶענְד
אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע מִלְחָמָה לַייט, כְּדֵי

מִלְחָמָה צוּ הַאלְטְען מִיט יִשְׂרָאֵל צוּרִיק
צוּ בְּרֶענְגֶען דִיא מְלוּכָה צוּ רְחַבְעָם׃
2 אָבֶּער דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז
גֶעוָועזֶען צוּ שְׁמַעְיָה, אַ מַאן פוּן גָאט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
3 זָאג צוּ רְחַבְעָם זוּהְן פוּן שְׁלֹמֹה,
מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה, אוּנְד צוּ גַאנְץ יִשְׂרָאֵל
אִין יְהוּדָה אוּנְד בִּנְיָמִין, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
4 אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה! אִיהְר זָאלְט נִיט
אַרוֹיפְגֵּיין, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט מִלְחָמָה
הַאלְטְען מִיט אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, קֶעהְרְט
צוּרִיק אִיטְלִיכֶער צוּ זֵיין הוֹיז, וָוארִין
דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ אִיז פוּן מִיר גֶע־
שֶׁעהֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהָארְכְט
צוּ דִיא רֵייד פוּן יְהוָֹה, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט פוּן צוּ גֵיין
קֶעגֶען יָרָבְעָם׃
5 אוּנְד רְחַבְעָם הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹיעֶט
פֶעסְטֶע שְׁטֶעט אִין יְהוּדָה׃
6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹיעֶט בֵּית לֶחֶם,
אוּנְד עֵיטָם, אוּנְד תְּקוֹעַ׃
7 אוּנְד בֵּית צוּר, אוּנְד שׂוֹכוֹ, אוּנְד
עֲדֻלָּם׃
8 אוּנְד גַּת, אוּנְד מָרֵשָׁה, אוּנְד זִיף׃
9 אוּנְד אֲדוֹרַיִם, אוּנְד לָכִישׁ, אוּנְד
עֲזֵקָה׃
10 אוּנְד צָרְעָה, אוּנְד אַיָּלוֹן, אוּנְד
חֶבְרוֹן, וָואס זֶענֶען פֶעסְטֶע שְׁטֶעט אִין
יְהוּדָה אוּנְד בִּנְיָמִין׃
11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטַארְקְט דִיא
פֶעסְטוּנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִין זֵייא
גֶעגֶעבֶּען (אָנְגֶעשְׁטֶעלְט) הַארֶען, אוּנְד
אוֹצְרוֹת אוּנְד עֶסֶענְוַוארְג, אוּנְד אֵייל
אוּנְד וויין׃
12 אוּנְד אִין אִיטְלִיכֶע שְׁטָאט הָאט
עֶר גֶעגֶעבֶּען פַאנְצֶערְס אוּנְד שְׁפִּיזֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא זֶעהְר גֶעשְׁטַארְקְט,
אוּנְד יְהוּדָה אוּנְד בִּנְיָמִין זֶענֶען גֶע־
וָועזֶען צוּ זֵיינֶע זֵייט׃
13 אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא לְוִיִּם
וָואס זֶענֶען גֶעוָועזֶען צְווִישֶׁען כָּל יִשְׂרָאֵל
זֶענֶען צוּ אִיהְם צוּגֶעשְׁטַאנֶען אוֹיס אַלֶע
גְרֶענְעֶצֶען׃
14 וָוארִין דִיא לְוִיִּם הָאבֶּען פֶערְלָאזֶען
זֵייעֶרֶע פְרֵייעֶ פְּלֶעצֶער אוּנְד זֵייעֶר
בֶּעזִיץ, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַהִינְגֶעגַאנְגֶען
צוּ יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם, וָוארִין יָרָבְעָם
אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן הָאבֶּען זֵייא פֶערְ־
וָוארְפֶען פוּן דֶער כְּהוּנָּה פוּן גָאט׃
15 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעשְׁטֶעלְט
כֹּהֲנִים צוּ דִיא בָּמוֹת אוּנְד צוּ דִיא
שְׂעִירִים אוּנְד צוּ דִיא קֶעלְבֶּער וָואס עֶר
הָאט גֶעמַאכְט׃
16 אוּנְד נָאךְ זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען
אוֹיס אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל זָאלְכֶע
וָואס הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער
צוּ זוּכֶען יְהוָֹה, דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל,
דִיא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם
מַקְרִיב צוּ זֵיין צוּ יְהוָֹה דֶעם גָאט פוּן
זֵייעֶרֶע פֶעטֶער׃
17 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁטַארְקְט דָאס
מַלְכוּת פוּן יְהוּדָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעשְׁטַארְקְט רְחַבְעָם זוּהְן פוּן שְׁלֹמֹה
דְרֵייא יָאהְר, פַאר דְרֵייא יָאהְר זֶענֶען
זֵייא גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם וֶועג פוּן דָוִיד
אוּנְד שְׁלֹמֹה׃
18 אוּנְד רְחַבְעָם הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען
פַאר אַ ווייבּ דִיא מַחֲלַת טָאכְטֶער פוּן
יְרִימוֹת זוּהְן פוּן דָוִד, אוּנְד אֲבִיהַיִל
טָאכְטֶער פוּן אֱלִיאָב זוּהְן פוּן יִשַׁי׃
19 וָואס הָאט צוּ אִיהְם גֶעוְואוּנֶען
זִיהְן, יְעוּשׁ, אוּנְד שְׁמַרְיָה, אוּנְד זָהַם׃
20 אוּנְד נָאךְ אִיהְר הָאט עֶר גֶענוּמֶען

מַעֲכָה טָאכְטֶער פוּן אַבְשָׁלוֹם, אוּנְד
זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעווִאוּנֶען דֶעם
אֲבִיָה אוּנְד עַתַּי, אוּנְד זִיזָא, אוּנְד
שְׁלוֹמִית׃
21 אוּנְד רְחַבְעָם הָאט גֶעלִיבְּט דִיא
מַעֲכָה טָאכְטֶער פוּן אַבְשָׁלוֹם מֶעהְר
פוּן אַלֶע זַיינֶע ווַייבֶּער אוּנְד קֶעבְּם
ווַייבֶּער, וָוארִין עֶר הָאט גֶענוּמֶען אַכְט־
צֶעהְן ווַייבֶּער אוּנְד זֶעכְצִיג קֶעבְּם
ווַייבֶּער, אוּנְד הָאט גֶעווִאוּנֶען אַכְט
אוּנְד צְוַואנְצִיג זִיהְן אוּנְד זֶעכְצִיג
טֶעכְטֶער׃
22 אוּנְד רְחַבְעָם הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט
דֶעם אֲבִיָה זוּהְן פוּן מַעֲכָה, אַלְס
אוֹיבֶּערְשְׁטֶען אִיבֶּער זַיינֶע בְּרִידֶער,
וָוארִין עֶר הָאט גֶעטְרַאכְט אִיהְם צוּ
מַאכֶען פַאר אַ מֶלֶךְ׃
23 אוּנְד עֶר הָאט פֶערשְׁטֶענְדִיג
גֶעהַאנְדֶעלְט, אוּנְד עֶר הָאט פוּן זַיינֶע
זִיהְן פֶערְשְׁפְּרֵייט צְווִישֶׁען אַלֶע לֶענְדֶער
פוּן יְהוּדָה אוּנְד בִּנְיָמִין, אוּנְד אִין
אִיטְלִיכֶע פֶעסְטֶע שְׁטָאט הָאט עֶר צוּ
זֵייא גֶעגֶעבֶּען פִיל שְׁפֵּייז, אוּנְד עֶר
הָאט בֶּעגֶעהְרְט (פַאר זַיינֶע זִיהְן) פִיל
ווַייבֶּער׃

## קאפִּיטעל יב

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען רְחַבְעָם
הָאט בֶּעפֶעסְטִיגְט זַיין מַלְכוּת, אוּנְד
אַזוֹי וִויא עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אַזוֹי
הָאט עֶר פֶערְלָאזֶען דִיא תּוֹרָה פוּן
גָאט, אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל מִיט אִיהְם׃
2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
פִינְפְטֶען יָאהְר פוּן דֶעם מֶלֶךְ רְחַבְעָם,
אַזוֹי אִיז שִׁישַׁק מֶלֶךְ פוּן מִצְרַיִם
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם, ווַייל
זֵייא הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען גָאט׃
3 מִיט צְוֶועלְף הוּנְדֶערְט רֵייטְוָועגֶען,
אוּנְד מִיט זֶעכְצִיג טוֹיזֶענְד רֵייטֶער,
אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין צָאל
צוּ דֶעם פָאלְק וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם
גֶעקוּמֶען פוּן מִצְרַיִם, לוּבִים, סֻכִּיִים,
אוּנְד כּוּשִׁים׃
4 אוּנְד עֶר הָאט אֵיינְגֶענוּמֶען דִיא
פֶעסְטֶע שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶר
אִיז אָנְגֶעקוּמֶען בִּיז נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם׃
5 אוּנְד שְׁמַעְיָה הַנָּבִיא אִיז גֶעקוּמֶען
צוּ רְחַבְעָם, אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן
יְהוּדָה הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט אִין
יְרוּשָׁלַיִם פַאר שִׁישַׁק, אוּנְד עֶר הָאט
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה,
אִיהְר הָאט מִיךְ פֶערְלָאזְט, דָארוּם
הָאבּ אִיךְ אֵייךְ אוֹיךְ פֶערְלָאזְט אִין
דִיא הֶענְד פוּן שִׁישַׁק׃
6 אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן
יִשְׂרָאֵל אוּנְד דֶער מֶלֶךְ, גֶעדֶעמִיטִיגְט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, גָאט אִיז
גֶערֶעכְט׃
7 אוּנְד וֶוען גָאט הָאט גֶעזֶעהֶען אַז
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעדֶעמִיטִיגְט, אַזוֹי אִיז
דָאס וָוארְט פוּן גָאט גֶעוֶועזֶען צוּ
שְׁמַעְיָה אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
גֶעדֶעמִיטִיגְט, אִיךְ וֶועל זֵייא נִיט
פֶערְדַארְבֶּען, גֵייעָרְט אִיךְ וֶועל צוּ זֵייא
גֶעבֶּען אַ קְלֵיינֶע עֶנְטְרִינוּנְג, אוּנְד מֵיין
גְרִימְצָארְן זָאל נִיט אוֹיסְגֶעגָאסֶען וֶוערֶען
אִיבֶּער יְרוּשָׁלַיִם דוּרְךְ שִׁישַׁק׃
8 גֵייעָרְט זֵייא וֶועלֶען זַיין זַיינֶע
קְנֶעכְט כְּדֵי זֵייא זָאלֶען דֶערְקֶענֶען
דֶעם חִילוּק צְווִישֶׁען מֵיין דִינְסְט אוּנְד
דֶעם דִינְסְט פוּן דִיא קֶענִיגְרֵייכֶע פוּן
דִיא לֶענְדֶער׃
9 אַזוֹי אִיז שִׁישַׁק דֶער מֶלֶךְ פוּן
מִצְרַיִם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד עֶר הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען דִיא

אוֹצְרוֹת פוּן דֶעם הױז פוּן גָאט, אוּנְד דִיא אוֹצְרוֹת פוּן דֶעם קֶענִיג'ס הױז, אַלֶעס הָאט עֶר אַװעקְגֶענוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט אױך אַװעקְגֶענוּמֶען דִיא גָאלְדֶענֶע שִׁילְדֶען װָאס שְׁלֹמֹה הָאט גֶעמַאכְט׃

10 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ רְחַבְעָם הָאט גֶעמַאכְט קוּפֶּערְנֶע שִׁילְדֶען אָנְשְׁטָאט זֵייא, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא אױבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא לױפֶערְס, װָאס הִיטֶען דִיא טִירְ פוּן דֶעם מֶלֶךְ'ס הױז׃

11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװעזֶען װֶען דֶער קֶענִיג פְלֶעגְט אַרֵיינְקוּמֶען אִין גָאט'ס הױז זֶענֶען דִיא לױפֶערְס גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען זֵייא גֶעטְרָאגֶען, אוּנְד דִיא לױפֶערְס הָאבֶּען זֵייא צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט אִין דִיא קַאמֶער׃

12 אוּנְד װֶען עֶר (רְחַבְעָם) הָאט זִיךְ גֶעדֶעמִיטִיגְט אַזױ הָאט זִיךְ דֶער צָארְן פוּן גָאט פוּן אִיהְם אָפְּגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם נִיט אִים גַאנְצֶען פֶערְדָארְבֶּען, אוּנְד אִין יְהוּדָה זֶענֶען אױך נָאךְ גֶעװעזֶען גוּטֶע זַאכֶען׃

13 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ רְחַבְעָם הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעְרְט, װָארִין רְחַבְעָם אִיז אַלְט גֶעװעזֶען אֵיין אוּנְד פִירְצִיג יָאהְר װֶען עֶר הָאט אָנְגֶעהױבֶּען צוּ רֶעגִירֶען, אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעְרְט זִיבֶּעצֶעהְן יָאהְר אִין יְרוּשָׁלַיִם, דִיא שְׁטָאט װָאס גָאט הָאט אױסְדֶערְװֶעהְלְט פוּן אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל זֵיין נָאמֶען דָארְט אַהִין צוּ טְהוּן, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זֵיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעװעזֶען נַעֲמָה אוֹיס עַמוֹן׃

14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס, װֵייל עֶר הָאט נִיט אָנְגֶעבְּרֵייט זֵיין הַארְץ גָאט צוּ פָארְשֶׁען׃

15 אוּנְד דִיא זַאכֶען פוּן רְחַבְעָם, דִיא עֶרְשְׁטֶע אוּנְד דִיא לֶעצְטֶע, זֶענֶען זֵייא נִיט אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פוּן שְׁמַעְיָה הַנָבִיא, אוּנְד עִדוֹ הַנָבִיא, װעגֶען דֶעם יִחוּס? אוּנְד װעגֶען דִיא מִלְחָמוֹת פוּן רְחַבְעָם מִיט יָרָבְעָם אַלֶע צֵייט?

16 אוּנְד רְחַבְעָם הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט זֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד עֶר אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעװָארֶען אִין דִיא שְׁטָאט פוּן דָוִד, אוּנְד זֵיין זוּהְן אֲבִיָה הָאט רֶעגִיעְרְט אִין זֵיינֶער שְׁטֶעל׃

קאפיטעל יג

1 אִין דֶעם אַכְצֶעהְנְטֶען יָאהְר פוּן דֶעם מֶלֶךְ יָרָבְעָם, הָאט אֲבִיָה אָנְגֶעהױבֶּען צוּ רֶעגִירֶען אִיבֶּער יְהוּדָה׃

2 עֶר הָאט רֶעגִיעְרְט דְרֵייא יָאהְר אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זֵיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעװעזֶען מִיכָיָהוּ, דִיא טָאכְטֶער פוּן אוּרִיאֵל אוֹיס גִבְעָה, אוּנְד עֶס אִיז גֶעװעזֶען מִלְחָמָה צְװִישֶׁען אֲבִיָה אוּנְד צְװִישֶׁען יָרָבְעָם׃

3 אוּנְד אֲבִיָה הָאט צוּזַאמֶענְגֶעבוּנְדֶען דִיא מִלְחָמָה מִיט אַ חַיִל פוּן שְׁטַארְקֶע מִלְחָמָה־לֵייט, פוּן פִיעֶר הוּנְדֶערְט טױזֶענְד אױסְדֶערְװֶעהְלְטֶע מֶענֶער, אוּנְד יָרָבְעָם הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט דִיא מִלְחָמָה מִיט אַכְט הוּנְדֶערְט טױזֶענְד אױסְדֶערְװֶעהְלְטֶע שְׁטַארְקֶע חַיִל'ס־לֵייט׃

4 אוּנְד אֲבִיָה אִיז אױפְגֶעשְׁטַאנֶען אױף דֶעם בַּארְג צְמָרַיִם, װָאס אִיז אױף דֶעם בַּארְג אֶפְרַיִם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הֶערְט מִיךְ צוּ, דוּא יָרָבְעָם אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל׃

5 בְּרױכְט אִיהְר נִיט צוּ װִיסֶען דָאס

יְהֹוָה גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶע־
גֶעבֶּען דִיא מְלוּכָה אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל
צוּ דָוִד אוֹיף אֵייבִּיג, צוּ אִיהְם אוּנְד
צוּ זַיינֶע זִיהְן דוּרְךְ אַ בְּרִית פוּן
זַאלְץ ?
6 אוּנְד דָאךְ אִיז יָרָבְעָם בֶּן נְבָט, אַ
קְנֶעכְט פוּן שְׁלֹמֹה, זוּהְן פוּן דָוִד,
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט מוֹרֵד גֶע־
וֶועזֶען קֶעגֶען זַיין הַאר ;
7 אוּנְד עֶס הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם
פֶערְזַאמֶעלְט לֵיידִיגֶע אוּנְד שְׁלֶעכְטֶע
מֶענְשֶׁען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶע־
שְׁטַארְקְט קֶעגֶען רְחַבְעָם זוּהְן פוּן
שְׁלֹמֹה, אוּנְד רְחַבְעָם אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען
יוּנְג אוּנְד וֵוייךְ־הַארְצִיג (אֵיידֶעל), אוּנְד
עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶעקֶענְט שְׁטַארְקֶען
עֶנְטְקֶעגֶען זַייא :
8 אוּנְד אַצוּנְד מֵיינְט אִיהְר אֵייךְ צוּ
שְׁטַארְקֶען עֶנְטְקֶעגֶען דֶעם מַלְכוּת פוּן
גָאט, דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן דִיא זִיהְן
פוּן דָוִד ; אוּנְד אִיהְר זֶענְט פִיל
פָאלְק, אוּנְד מִיט אֵייךְ זֶענֶען גָאלְדֶענֶע
קֶעלְבֶּער וָואס יָרָבְעָם הָאט פַאר אֵייךְ
גֶעמַאכְט אַלְס גֶעטֶער :
9 הָאט אִיהְר נִיט פֶערשְׁטוֹיסֶען דִיא
כּוֹהֲנִים פוּן גָאט, דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרוֹן,
אוּנְד דִיא לְוִיִּם, אוּנְד אִיהְר הָאט אֵייךְ
גֶעמַאכְט כּוֹהֲנִים אַזוֹי וִוייא דִיא פֶעלְ־
קֶער פוּן דִיא אַנְדֶערֶע לֶענְדֶער ? דָאס
אִיטְלִיכֶער וָואס קוּמְט מִיט אַ יוּנְגֶען
אָקְס אוּנְד מִיט זִיבֶּען וִוידֶער, דֶער
מֶעג זַיין אַ כּוֹהֵן צוּ דִיא וָואס זֶענֶען
נִיט קֵיינֶע גֶעטֶער :
10 אָבֶּער מִיר הָאבֶּען יְהֹוָה פַאר
אוּנְזֶער גָאט, אוּנְד מִיר הָאבֶּען אִיהְם
נִיט פֶערְלָאזֶען, אוּנְד דִיא כּוֹהֲנִים וָואס
דִינֶען אוּנְזֶער גָאט זֶענֶען פוּן דִיא זִיהְן
פוּן אַהֲרוֹן, אוּנְד דִיא לְוִיִּם זֶענֶען אִין
זֵיירֶע אַרְבֵּייט :
11 אוּנְד זַייא רֶעמְפֶּען דִיא קָרְבָּן
עוֹלוֹת אִיטְלִיכֶען מָארְגֶען אוּנְד אִיטְ־
לִיכֶען אָבֶענְד, אוּנְד דִיא רֶעמְפּוּנְג פוּן
בְּשָׂמִים, אוּנְד דִיא אָנְרִיכְטוּנְג פוּן דֶעם
לֶחֶם הַפָּנִים אוֹיף דֶעם רֵיינֶעם טִישׁ,
אוּנְד דִיא גָאלְדֶענֶע מְנוֹרָה אוּנְד אִיהְרֶע
לָאמְפֶּען צוּ בְּרֶענֶען אִיטְלִיכֶען אָבֶענְד,
וָוארִין מִיר הִיטֶען דִיא הִיטוּנְג פוּן
יְהֹוָה אוּנְזֶער גָאט, אָבֶּער אִיהְר הָאט
אִיהְם פֶערְלָאזֶען :
12 אוּנְד זֶעהְט, גָאט אַלֵיין אִיז מִיט
אוּנְס אַן דֶער שְׁפִּיץ, אוּנְד זַיינֶע
כּוֹהֲנִים מִיט דִיא טְרָאמְפֵּייטֶען פוּן
דֶעם שַׁאל, צוּ אֵייךְ צוּ שַׁאלֶען, אוֹי
אִיהְר קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אִיהְר זָאלְט נִיט
שְׁטְרֵייטֶען קֶעגֶען יְהֹוָה דֶעם גָאט פוּן
אֵיירֶע אָבוֹת, וָוארִין אִיהְר וֶועט נִיט
בֶּעגְלִיקֶען :
13 אָבֶּער יָרָבְעָם הָאט אַרוּמְגֶערִינְ־
גֶעלְט אַז דֶער לוֹיעֶר זָאל קוּמֶען
פוּן הִינְטֶער זַייא, אוּנְד זַייא זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען פַאר יְהוּדָה, אוּנְד דֶער
לוֹיעֶר הִינְטֶער זַייא :
14 אוּנְד וֶוען יְהוּדָה הָאט זִיךְ אוּמְ־
גֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זֶעה, אַזוֹי אִיז דִיא
מִלְחָמָה קֶעגֶען זַייא גֶעוָוארֶען פוּן
פָארְנְט אוּנְד פוּן הִינְטֶען, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען צוּ גָאט, אוּנְד דִיא
כּוֹהֲנִים הָאבֶּען טְרָאמְפֵּייטֶערְט מִיט
דִיא טְרָאמְפֵּייטֶען :
15 אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן יְהוּדָה
הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען אַ גֶעשְׁרַייא, אוּנְד עֶס
אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דִיא מֶענֶער פוּן
יְהוּדָה הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען דָאס גֶעשְׁרֵייא,
אַזוֹי הָאט גָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם יָרָבְעָם


אוּנְד

אונד גאנץ ישראל פאר אביה אונד יהודה:

16 אונד דיא בני ישראל זענען ענטלאפען פאר יהודה, וארין גאט האט זייא איבערגעגעבען אין זיירע הענד:

17 אונד אביה אונד זיין פאלק האבען זייא געשלאגען מיט א גרויסען שלאק, אונד עס זענען געפאלען פון ישראל פינף הונדערט טויזענד אויסדערוויילטע מענער:

18 אונד דיא קינדער פון ישראל זענען אין דערזעלביגער צייט געווארען אונטערטעניג, אונד דיא קינדער פון יהודה האבען זיך געשטארקט, ווייל זייא האבען זיך אנגעלעהנט אויף יהוה דעם גאט פון זיירע אבות:

19 אונד אביה האט נאכגעיאגט ירבעם, אונד ער האט פון איהם איינגענומען שטעט, בית אל אונד איהרע דערפער, ישנה אונד איהרע דערפער, אונד עפרון אונד איהרע דערפער:

20 אונד ירבעם האט ניט מעהר געהאט קיין כוח אין דיא טעג פון אביה, אונד גאט האט איהם געשלאגען, אונד ער איז געשטארבען:

21 אבער אביה האט זיך געשטארקט, אונד ער האט זיך גענומען פירצעהן ווייבער, אונד ער האט געוואונען צוויא אונד צוואנציג זיהן אונד זעכצעהן טעכטער:

22 אונד דיא איבריגע זאכען פון אביה, אונד זיינע וועגען, אונד זיינע ווערטער, זייא זענען איינגעשריבען אין דעם מדרש פון עדו הנביא:

23 אונד אביה האט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, אונד מען האט איהם בעגראבען אין דיא שטאט פון דויד אונד אסא זיין זוהן האט רעגיערט אין זיינער שטעל אין זיינע טעג האט דאס לאנד גערוהט צעהן יאהר:

## קאפיטעל יד

1 אונד אסא האט געטהון דאס וואס איז גוט אונד רעכט אין דיא אויגען פון יהוה זיין גאט:

2 אונד ער האט אפגעטהון דיא פרעמדע מזבחות אונד דיא במות, אונד ער האט צובראכען דיא מצבות אונד האט אפגעהאקט דיא לינדען־ביימער:

3 אונד ער האט געזאגט צו יהודה אז זייא זאלען פארשען יהוה דעם גאט פון זיירע פעטער, אונד צו טהון (האלטען) דיא תורה אונד דיא מצות:

4 אונד ער האט אפגעטהון פון אלע שטעט אין יהודה דיא במות אונד דיא זון־בילדער, אונד דאס קעניגרייך איז שטיל געוועזען פאר איהם:

5 אונד ער האט געבויעט פעסטע שטעט אין יהודה, וארין דאס לאנד האט געהאט רוה, אונד אין דיא דאזיגע יאהרען איז ניט מיט איהם געוועזען קיינע מלחמה, וארין גאט האט איהם געגעבען רוה:

6 אונד ער האט געזאגט צו יהודה, לאמיר בויען דיא דאזיגע שטעט, אונד ארומרינגלען מיט מויערן אונד טורמען, אונד טויערן מיט ריגלען, כל זמן דאס לאנד איז נאך פאר אונס, ווייל מיר האבען געפארשט יהוה אונזער גאט, אונד ער האט אונס געגעבען רוה פון ארינגס ארום, אונד זייא האבען געבויעט אונד האבען בעגליקט:

אונד

7 אונד אָסָא האָט געהאַט אַ חַיִל
װאָס האָט געטראָגען פּאַנצערס אונד
שפּיזען; פון יְהוּדָה דרייא הונדערט
טויזענד, אונד פון בִּנְיָמִין װאָס האָבען
געטראָגען שילדען אונד האָבען גע־
שפּאַנט בויגען, צװייא הונדערט אונד
אַכציג טויזענד, אַלע דיזע זענען גע־
װעזען שטאַרקע חַיִל'ס לייט:
8 אונד זֶרַח דער כּוּשִׁי איז קעגען
זייא אַרויסגעגאַנגען מיט אַ חַיִל פון אַ
טויזענד טויזענד, אונד דרייא הונדערט
רייטװעגען, אונד איז געקומען ביז
נאָך מָרֵשָׁה:
9 אונד אָסָא איז פאַר איהם אַרויס־
געגאַנגען, אונד זייא האָבען אָנגע־
בּרייט אַ מִלְחָמָה אין דעם טהאָל
צְפָתָה ביי מָרֵשָׁה:
10 אונד אָסָא האָט אָנגערופען צו
יְהוָֹה זיין גאָט, אונד ער האָט געזאָגט,
אוי יְהוָֹה, עס איז אַ קליינע זאַך ביי
דיר צו העלפען, צװישען מיט פילע
אָדער מיט װייניגע, אַפילו מיט דיא
װאָס האָבען גאָר ניט קיין כּוֹחַ; העלף
אונס אוי יְהוָֹה אונזער גאָט! װאָרין
מיר לעהנען אונס נאָר אָן אויף דיר,
אונד אין דיין נאָמען זענען מיר גע־
גאַנגען קעגען דער דאָזיגער מאַסע,
אוי יְהוָֹה אונזער גאָט, לאָז דאָך קיין
מענש קעגען דיר בייקומען:
11 אַזוי האָט גאָט געשלאָגען דיא
כּוּשִׁים פאַר אָסָא, אונד פאַר יְהוּדָה,
אונד דיא כּוּשִׁים זענען ענטלאָפען
געװאָרען:
12 אונד אָסָא אונד דאָס פאָלק װאָס
איז מיט איהם געװעזען האָבען זייא
נאָכגעיאָגט ביז נאָך גְּרָר, אונד עס
איז געפאַלען פון דיא כּוּשִׁים דאָס
זייא האָבען זיך ניט מעהר געקענט
מְחַיֶה זיין, װאָרין זייא זענען צובראָכען
געװאָרען פאַר גאָט, אונד פאַר זיינע
מַחֲנֶה, אונד זייא האָבען װעהר פיל
זאַק רויב אויפגעהויבען:
13 אונד זייא האָבען געשלאָגען אַלע
שטעט רינגס אַרום פון גְּרָר, װאָרין
דיא מוֹרָא פון גאָט איז געװעזען איבער
זייא, אונד זייא האָבען גערויבט אַלע
שטעט, װאָרין עס איז פיל רויב אין
זייא געװעזען:
14 אונד אויך דיא געצעלטען פון
זייער פיך האָבען זייא געשלאָגען,
אונד זייא האָבען געפאַנגען פיל שאָף
אונד קעמעלן, אונד זייא זענען צוריק־
געקעהרט נאָך יְרוּשָׁלַיִם:

## קאפיטעל טו

1 אונד דער רוּחַ (הַקוֹדֶשׁ) פון גאָט
איז געװעזען איבער עֲזַרְיָהוּ זוהן פון
עוֹדֵד:
2 אונד ער איז אַרויסגעגאַנגען פאַר
אָסָא, אונד ער האָט צו איהם געזאָגט,
העהרט מיך צו, דוּא אָסָא אונד גאַנץ
יְהוּדָה אונד בִּנְיָמִין, יְהוָֹה איז מיט
אייך װען איהר װעט זיין מיט איהם,
אונד װען איהר װעט איהם זוכען אַזוי
װעט ער זיך פון אייך לאָזען געפינען,
אָבער װען איהר װעט איהם פער־
לאָזען אַזוי װעט ער אייך אויך פער־
לאָזען:
3 װאָרין פאַר אַ לאַנגע צייט איז
יִשְׂרָאֵל געװעזען אָהן איין אֱמֶת'ן גאָט,
אונד אָהן איין כּוֹהֵן פאַר אַ לעהרער,
אונד אָהן דיא תּוֹרָה:
4 אָבער װען זייא האָבען זיך גע־
קעהרט אין דער צָרָה צו יְהוָֹה דעם
גאָט פון יִשְׂרָאֵל אונד זייא האָבען

אִיהְם גֶעזוּכְט, אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ פוּן
זֵייא גֶעלָאזְט גֶעפִינֶען׃
5 אוּנְד אִין דִיא דָאזִיגֶע צֵייטֶען אִיז
נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין שָׁלוֹם צוּ דֶעם וָואס
אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד צוּ דֶעם וָואס
אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, וָוארִין עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶע פֶערְטוּמְלוּנְג אִיבֶּער
אַלֶע אֵיינְוואוֹינֶערְס פוּן דִיא לֶענְדֶער׃
6 אוּנְד אֵיין פָאלְק אִיז פֶערְטִילְגְט
גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם אַנְדֶערְן פָאלְק אוּנְד
אֵיינֶע שְׁטָאט פוּן דִיא אַנְדֶערֶע שְׁטָאט,
וָוארִין גָאט הָאט זֵייא פֶערְטוּמֶעלְט
מִיט אַלֶערְלֵייא צָרוֹת׃
7 אָבֶּער אִיהְר שְׁטַארְקְט אֵייךְ, אוּנְד
לָאזֶען אֵיירֶע הֶענְד נִיט שְׁלַאף וֶוערֶען,
וָוארִין עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ שָׂכָר
פַאר אֵיירֶע אַרְבֵּייט׃
8 וֶוען אָסָא הָאט גֶעהֶערְט דִיא דָאזִ־
יגֶע וֶוערְטֶער, אוּנְד דִיא נְבוּאָה פוּן
עוֹדֵד הַנָבִיא, אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ
גֶעשְׁטַארְקְט אוּנְד עֶר הָאט אַוֶועקְגֶע־
טָהוּן דִיא אוּמְוֶוערְדִינְקֵייטֶען פוּן דֶעם
גַאנְצֶען לַאנְד יְהוּדָה אוּנְד בִּנְיָמִין,
אוּנְד פוּן דִיא שְׁטֶעט וָועלְכֶע עֶר הָאט
אֵיינְגֶענוּמֶען פוּן דֶעם בַּארְג אֶפְרַיִם,
אוּנְד עֶר הָאט בֶענֵייעֶט דֶעם מִזְבֵּחַ
פוּן גָאט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פַאר דֶעם
פָאר־הוֹיז פוּן גָאט׃
9 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְזַאמֶעלְט גַאנְץ
יְהוּדָה אוּנְד בִּנְיָמִין, אוּנְד דִיא פְרֶעמְדֶע
וָואס הָאבֶּען מִיט זֵייא גֶעוואוֹינְט אוֹיס
אֶפְרַיִם, אוּנְד מְנַשֶּׁה, אוּנְד פוּן שִׁמְעוֹן,
וָוארִין פִילֶע זֶענֶען צוּ אִיהְם צוּגֶעפַא־
לֶען פוּן יִשְׂרָאֵל, וֶוען זֵייא הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען דָאס יְהֹוָה זֵיין גָאט אִיז מִיט
אִיהְם׃
10 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט
אִין דֶעם דְרִיטֶען חוֹדֶשׁ, אִין דֶעם
פוּפְצֶעהְנְטֶען יָאהְר פוּן דֶעם מַלְכוּת
פוּן אָסָא׃
11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען
צוּ גָאט אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג פוּן
דֶעם רוֹיב וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט
זִיבֶּען הוּנְדֶערְט רִינְדֶער, אוּנְד זִיבֶּען
טוֹיזֶענְד שָׁאף׃
12 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
אִין דֶעם בְּרִית צוּ זוּכֶען יְהֹוָה דֶעם
גָאט פוּן זֵיירֶע אָבוֹת, מִיט זֵייעֶר גַאנְ־
צֶען הַארְץ אוּנְד מִיט זֵייעֶר גַאנְצֶען
נֶפֶשׁ׃
13 אוּנְד דָאס אִיטְלִיכֶער וָואס טְהוּט
נִיט זוּכֶען יְהֹוָה דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל
זָאל גֶעטֵייטֶעט וֶוערֶען, פוּן קְלֵיין בִּיז
גְרוֹיס, אוּנְד פוּן מַאן בִּיז וַוייבּ׃
14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁוואוֹירֶען צוּ
יְהֹוָה מִיט אַ גְרוֹיס קוֹל, אוּנְד מִיט אַ
שַׁאל, אוּנְד מִיט טְרָאמְפֵּייטֶען אוּנְד
מִיט שׁוֹפָרוֹת׃
15 אוּנְד גַאנְץ יְהוּדָה הָאט זִיךְ גֶע־
פְרֵייט אִיבֶּער דֶער שְׁבוּעָה, וָוארִין זֵייא
הָאבֶּען גֶעשְׁוואוֹירֶען מִיט זֵייעֶר גַאנְצֶען
הַארְץ, אוּנְד מִיט זֵייעֶר גַאנְצֶען ווילֶען
הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעזוּכְט, אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ פוּן זֵייא גֶעלָאזְט גֶעפִינֶען,
אוּנְד גָאט הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען רוּה
פוּן רִינְגֶס אַרוּם׃
16 אַפִילוּ דִיא מַעֲכָה, דִיא מוּטֶער
פוּן אָסָא הַמֶּלֶךְ הָאט עֶר אָפְּגֶעטְהוּן
אַז זִיא זָאל נִיט זֵיין דִיא מַלְכָּה, ווייל
זִיא הָאט גֶעמַאכְט אַ גֶעצֶענְ־בִּילְד צוּ
דֶעם לִינְדֶען־בּוֹים, אוּנְד אָסָא הָאט
אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען אִיהְר גֶעצֶענ־בִּילְד אוּנְד
עֶר הָאט עֶס צוּשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד עֶר הָאט
עֶס פֶערְבְּרֶענְט אִין דֶעם טָהָאל קִדְרוֹן׃



אבער

17 אָבֶּער דִיא בָּמוֹת הָאט עֶר נִיט
אָפְּגֶעטְהוּן פוּן יִשְׂרָאֵל, גֵייעֶרְט דָאס
הַארְץ פוּן אָסָא אִיז גֶעוֶועזֶן גַאנְץ
אַלֶע זַיינֶע טֶעג׃
18 אוּנְד עֶר הָאט אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין
גָאט'ס הויז דִיא הֵיילִיגֶע זַאכֶען וָואס
זַיין פָאטֶער הָאט גֶעהֵיילִיגְט, דָאס
זִילְבֶּער, אוּנְד דָאס גָאלְד אוּנְד דִיא
כֵּלִים׃
19 אוּנְד עֶס אִיז נִיט מֶעהְר גֶעוֶועזֶן
קֵיינֶע מִלְחָמָה בִּיז צוּ דֶעם פִינְף אוּנְד
דְרֵייסִיגְסְטֶען יָאהְר פוּן דֶער רֶעגִירוּנְג
פוּן אָסָא׃

## קאפיטעל טז

1 אִין דֶעם זֶעקְס אוּנְד דְרֵייסִיגְסְטֶען
יָאהְר פוּן דֶער רֶעגִירוּנְג פוּן אָסָא, אִיז
בַּעְשָׁא דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעבּוֹיט אַ הֵייךְ, אַז עֶר זָאל קֵיינֶעם
נִיט לָאזֶען אַרוֹיסגֵיין אָדֶער אַרֵיינְקוּמֶען
צוּ אָסָא מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה׃
2 אוּנְד אָסָא הָאט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען דָאס
זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד פוּן דִיא אוֹצְרוֹת
פוּן גָאט'ס הויז אוּנְד פוּן דֶעם מֶלֶךְ'ס
הויז, אוּנְד עֶר הָאט עֶס אַהִינְגֶעשִׁיקְט
צוּ בֶּן־הֲדַד מֶלֶךְ פוּן אֲרָם, וָואס הָאט
גֶעווְאוֹינְט אִין דַרְמֶשֶׂק, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃
3 עֶס אִיז אַ בְּרִית צְוִוישֶׁען מִיר אוּנְד
דִיר, אוּנְד צְוִוישֶׁען מַיין פָאטֶער אוּנְד
דַיין פָאטֶער, זֶעה, אִיךְ שִׁיק צוּ דִיר
זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד, גֵייא אַהִין אוּנְד
פֶערְשְׁטֶער דַיין בְּרִית מִיט בַּעְשָׁא מֶלֶךְ
פוּן יִשְׂרָאֵל, אַז עֶר זָאל אַרוֹיפְגֵיין
אַוֶועק פוּן מִיר׃
4 אוּנְד בֶּן־הֲדַד הָאט צוּגֶעהֶערְט צוּ
דֶעם מֶלֶךְ אָסָא, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעשִׁיקְט זַיינֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא
חֲיָלִים צוּ דִיא שְׁטָאט פוּן יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען עִיּוֹן,
אוּנְד דָן, אוּנְד אָבֵל־מָיִם, אוּנְד אַלֶע
שְׁטֶעט פוּן בֶּעהַאלְטְנִים פוּן נַפְתָּלִי׃
5 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶן וֶוען בַּעְשָׁא
הָאט דָאס גֶעהֶערְט אַזוֹי הָאט עֶר
אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ בּוֹיעֶן דִיא הֵייךְ,
אוּנְד מֶען הָאט צוּשְׁטֶערְט זַיינֶע
אַרְבֵּייט׃
6 אוּנְד אָסָא הַמֶּלֶךְ הָאט גֶענוּמֶען
גַאנְץ יְהוּדָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַוֶועקְ־
גֶעטְרָאגֶען דִיא שְׁטֵיינֶער פוּן דִיא הֵייךְ
אוּנְד אִיהְר הָאלְץ וָואס בַּעְשָׁא הָאט
גֶעבּוֹיט, אוּנְד עֶר הָאט מִיט זֵייא
גֶעבּוֹיעֶט גֶבַע אוּנְד מִצְפָּה׃
7 אוּנְד אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע צַייט אִיז
גֶעקוּמֶען חֲנָנִי דֶער זֶעהֶער צוּ אָסָא מֶלֶךְ
פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, ווייל דוּא הָאסְט דִיךְ אָנְגֶע־
לֶעהְנְט אוֹיף דֶעם מֶלֶךְ פוּן אֲרָם, אוּנְד
דוּא הָאסְט דִיךְ נִיט אָנְגֶעלֶעהְנְט אוֹיף
יְהוָֹה דַיין גָאט, דַארִיבֶּער אִיז דָאס
חַיִל פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן אֲרָם עֶנְטְרִינֶען
אוֹיס דַיינֶע הַאנְד׃
8 זֶענֶען נִיט דִיא כּוּשִׁים אוּנְד דִיא
לוּבִים גֶעוֶועזֶן אַ גְרוֹיס חַיִל מִיט
זֶעהְר פִיל רֵייטְוֶועגֶען אוּנְד רֵייטֶער?
אוּנְד ווייל דוּא הָאסְט דִיךְ אָנְגֶעלֶעהְנְט
אוֹיף גָאט אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא אִיבֶּערְ־
גֶעגֶעבֶּען אִין דַיינֶע הַאנְד׃
9 וָוארִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט לוֹיפֶען
דוּרְךְ דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד, בְּדֵי צוּ
שְׁטַארְקֶען דִיא וָואס זַייעֶר הַארְץ אִיז
גַאנְץ מִיט אִיהְם, אָבֶּער אִין דֶעם
דָאזִיגֶען הָאסְט דוּא דִיךְ פֶערְשׁוּלְדִיגְט,
וָוארִין פוּן אַצוּנְד אָן וֶועט מִיט דִיר
זַיין מִלְחָמוֹת׃

10 אוּנְד אָסָא הָאט גֶעצָארְנְט אִיבֶּער דֶעם זָעהֶער, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַרֵיינְגֶעגֶעבֶּען אִין דֶעם גֶעפֶענְקֶענִיס; וָוארִין עֶר אִיז צָארֶענְדִיג גֶעוָועזֶען מִיט אִיהְם אִיבֶּער דֶעם. אוּנְד אָסָא הָאט אַ טֵייל פוּן דֶעם פָאלְק צוּשְׁטוֹיסֶען אִין דֶערְוָועלְבִּיגֶער צֵייט׃

11 אוּנְד וֶועה, דִיא זַאכֶען פוּן אָסָא, דִיא עֶרְשְׁטֶע אוּנְד דִיא לֶעצְטֶע, וֶועה זַייא זָענֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף דֶעם סֵפֶר פוּן דִיא מְלָכִים פוּן יְהוּדָה אוּנְד יִשְׂרָאֵל׃

12 אוּנְד אָסָא אִיז אִין דֶעם נַיין אוּנְד דְרֵייסִיגְסְטֶען יָאהְר פוּן זַיינֶע רֶעגִירוּנְג קְרַאנְק גֶעוָוארֶען אוֹיף זַיינֶע פִיס, אוּנְד זַיינֶע קְרַאנְקְהַייט אִיז זֶעהְר הוֹיךְ גֶעוָועזֶען, אָפִילוּ אִין זַיינֶע קְרַאנְקְהַייט הָאט עֶר אוֹיךְ נִיט גָאט גֶעזוּכְט, נֵייעֶרְט צוּ דִיא דָאקְטָארִים׃

13 אוּנְד אָסָא הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט זַיינֶע פֶעטֶער, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין דֶעם אֵיין אוּנְד דְרֵייסִיגְסְטֶען יָאהְר פוּן זַיינֶע רֶעגִירוּנְג׃

14 אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין דֶעם קֶבֶר וָואס עֶר הָאט פַאר זִיךְ אוֹיסְגֶעגְרָאבֶּען אִין דֶער שְׁטָאט פוּן דָוִיד, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם גֶעלֵייגְט אִין דֶעם גֶעלֶעגֶער וָואס מֶען הָאט אָנְגֶעפִילְט מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע בְּשָׂמִים וָואס זָענֶען צוּגֶעבְּרֵייטֶעט גֶעוָוארֶען פוּן דִיא אַפָּאטֵייקֶערְס, אוּנְד מֶען הָאט פוּן וֶועגֶען אִיהְם גֶעמַאכְט אַ גַאנְץ גְרוֹיסֶע פֶערְבְּרֶענוּנְג׃

## קאפיטעל יז

1 אוּנְד זַיין זוּהְן יְהוֹשָׁפָט הָאט רֶעגִיעֶרְט אַן זַיינֶער שְׁטֶעל, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט קֶעגֶען יִשְׂרָאֵל׃

2 אוּנְד עֶר הָאט אַרֵיינְגֶעגֶעבֶּען אַ חַיִל אִין אַלֶע פֶעסְטֶע שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען הַארֶען אִין דֶעם לַאנְד יְהוּדָה אוּנְד אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן אֶפְרַיִם וֶועלְכֶע זַיין פָאטֶער אָסָא הָאט אֵיינְגֶענוּמֶען׃

3 אוּנְד גָאט אִיז גֶעוָועזֶען מִיט יְהוֹשָׁפָט, וַוייל עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא עֶרְשְׁטֶע וֶועגֶען פוּן דָוִיד זַיין פָאטֶער, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעזוּכְט צוּ בְּעָלִים׃

4 נֵייעֶרְט עֶר הָאט גֶעזוּכְט צוּ דֶעם גָאט פוּן זַיין פָאטֶער, אוּנְד אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין זַיינֶע מִצְוֹת אוּנְד נִיט נָאךְ דִיא מַעֲשִׂים פוּן יִשְׂרָאֵל׃

5 דָארִיבֶּער הָאט גָאט בֶּעשְׁטֶעטִיגְט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ אִין זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד גַאנְץ יְהוּדָה הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ גֶעשֶׁענְק צוּ יְהוֹשָׁפָט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט פִיל רֵייכְטוּם אוּנְד כָּבוֹד׃

6 אוּנְד זַיין הַארְץ אִיז גֶעוָועזֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אִין דִיא וֶועגֶען פוּן גָאט, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ אָפְּגֶעטְהוּן דִיא בָּמוֹת אוּנְד דִיא לִינְדֶענְ־בֵּיימֶער פוּן יְהוּדָה׃

7 אוּנְד אִין דֶעם דְרִיטֶען יָאהְר פוּן זַיינֶע רֶעגִירוּנְג הָאט עֶר אַהֵינְגֶעשִׁיקְט צוּ זַיינֶע פִירְשְׁטֶען, צוּ בֶּן־חַיִל אוּנְד צוּ עוֹבַדְיָה, אוּנְד צוּ זְכַרְיָה אוּנְד צוּ נְתַנְאֵל, אוּנְד צוּ מִיכָיָהוּ, אַז זַייא זָאלֶען לֶערְנֶען אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה׃

8 אוּנְד מִיט זַייא זָענֶען גֶעוָועזֶען דִיא לְוִיִם. שְׁמַעְיָהוּ אוּנְד נְתַנְיָהוּ, אוּנְד זְבַדְיָהוּ, אוּנְד עֲשָׂהאֵל, אוּנְד שְׁמִירָמוֹת, אוּנְד יְהוֹנָתָן, אוּנְד אֲדוֹנִיָּהוּ, אוּנְד טוֹבִיָּהוּ, אוּנְד טוֹב אֲדוֹנִיָּה דִיא לְוִיִם, אוּנְד מִיט זַייא אֱלִישָׁמָע אוּנְד יְהוֹרָם דִיא כּוֹהֲנִים׃

9 אוּנְד זַייא הָאבֶען גֶעלֶערְנְט אִין יְהוּדָה, אוּנְד זַייא הָאבֶען גֶעהַאט דָאס סֵפֶר תּוֹרָה פוּן גָאט, אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין אַלֶע שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה אוּנְד זַייא הָאבֶען דָאס פָאלְק בֶּעלֶעהְרְט:

10 אוּנְד דִיא פָּארְכְט פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער אַלֶע קֶענִיגְרַייכֶע פוּן דִיא לֶענְדֶער וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען רִינְגְס אַרוּם פוּן יְהוּדָה, אוּנְד זַייא הָאבֶען נִיט קֵיינֶע מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט יְהוֹשָׁפָט:

11 אֲפִילוּ פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאט מֶען גֶעבְּרַאכְט מַתָּנוֹת צוּ יְהוֹשָׁפָט, אוּנְד לַאסְטֶען פוּן זִילְבֶּער, אוּנְד דִיא עַרְבִיאִים הָאבֶען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט זִיבֶּען טוֹיזֶענְד אוּנְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט שָׁאף, אוּנְד זִיבֶּען טוֹיזֶענְד אוּנְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט ווִידֶער:

12 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט אִיז אִימֶער גְרֶעסֶער אוּנְד גְרֶעסֶער גֶעווָארֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹיעט פַּאלַאסְטֶען אִין יְהוּדָה, אוּנְד פֶעסְטֶע שְׁטֶעט:

13 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט אַ גְרוֹיסֶע מְלָאכָה אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד שְׁטַארְקֶע מִלְחָמָה־לַייט אִין יְרוּשָׁלַיִם:

14 אוּנְד דִיא רָאזִינְגֶע זֶענֶען זֵייעֶרֶע צָאל נָאךְ דֶעם הוֹיז פוּן זֵייעֶרֶע אָבוֹת, פוּן יְהוּדָה, פִירְשְׁטֶען אִיבֶּער טוֹיזֶענְדֶע, עַדְנָה דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, אוּנְד מִיט אִיהְם זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דְרַייא טוֹיזֶענְד שְׁטַארְקֶע חַיִל'ס־לַייט:

15 אוּנְד בַּייא זַיינֶע זַייט אִיז גֶעוֶועזֶען יְהוֹחָנָן, דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, אוּנְד מִיט אִיהְם זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְווייא הוּנְדֶערְט אוּנְד אַכְצִיג טוֹיזֶענְד:

16 אוּנְד בַּייא זַיינֶע זַייט, עֲמַסְיָה זוּהְן פוּן זִכְרִי, דֶער וָואס הָאט זִיךְ מִתְנַדֵּב גֶעוֶועזֶען צוּ גָאט, אוּנְד מִיט אִיהְם זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְווייא הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד שְׁטַארְקֶע חַיִל'ס לַייט:

17 אוּנְד פוּן בִּנְיָמִין אֶלְיָדָע אַ שְׁטַארְקֶער חַיִל'ס מַאן, אוּנְד מִיט אִיהְם זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְווייא טוֹיזֶענְד גֶעוָואפֶּענְטֶע מִיט בּוֹיגֶען אוּנְד שִׁילְדֶען:

18 אוּנְד אַן זַיינֶע זַייט יְהוֹזָבָד, אוּנְד מִיט אִיהְם הוּנְדֶערְט אוּנְד אַכְצִיג טוֹיזֶענְד גֶעוָואפֶּענְטֶע חַיִל'ס לַייט:

19 דִיזֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא מְשָׁרְתִים פוּן דֶעם מֶלֶךְ, חוּץ דִיא וָואס דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעגֶעבֶּען אִין דִיא פֶעסְטֶע שְׁטֶעט אִין יְהוּדָה:

## קאפיטעל יח

1 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעהַאט פִיל רַייכְטוּם אוּנְד כָּבוֹד, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ מִתְחַתֵּן גֶעוֶועזֶען מִיט אַחְאָב:

2 אִין דֶעם עֶנְד פוּן יָאהְרֶען אִיז עֶר אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ אַחְאָב נָאךְ שֹׁמְרוֹן; אוּנְד אַחְאָב הָאט פַאר אִיהְם גֶעשָׁאכְטֶען פִיל שָׁאף אוּנְד רִינְדֶער, אוּנְד פַאר דֶעם פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר (אַחְאָב) הָאט אִיהְם אָנְגֶערֶעט אַז עֶר זָאל מִיט אִים אַרוּפְגֵיין נָאךְ רָמוֹת גִלְעָד:

3 אוּנְד אַחְאָב, דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה, ווִילְסְט דוּא מִיט מִיר אַרוֹיפְגֵיין נָאךְ רָמוֹת גִלְעָד? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין אַזוֹי ווִיא דוּא בִּיזְט, אוּנְד דַיין פָאלְק אִיז אַזוֹי ווִיא מֵיין פָאלְק, אוּנְד מִיר ווֶעלֶען זַיין מִיט דִיר אִין דֶער מִלְחָמָה:

4 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעזָאגְט צוּ

דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיךְ בֶּעט דִיךְ,
פָארְשְׁט דָאךְ נָאךְ הַיינְט דָאס וָוארְט
פוּן גָאט׃
5 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל
פֶערְזַאמֶעלְט דִיא נְבִיאִים, פִיעָר הוּנְ־
דֶערְט מַאן, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, זָאלֶען מִיר אַרוֹיפְגֵיין נָאךְ
רָמוֹת גִלְעָד צוּ דֶער מִלְחָמָה, אָדֶער
זָאל אִיךְ עֶס פֶערְמֵיידֶען? אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט גֵייא אַרוֹיף, וָוארִין
גָאט וֶועט זֵייא גֶעבֶּען אִין דֶעם מֶלֶךְ'ס
הַאנְד׃
6 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט, הָאט גֶעזָאגְט אִיז
דֶען נִיט דָא פֶערְהַאנְדֶען נָאךְ אַ נָבִיא
פוּן גָאט, אַז מִיר זָאלֶען פוּן אִיהְם
נָאכְפָארְשֶׁען׃
7 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט
גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשָׁפָט, עֶס אִיז נָאךְ דָא
אֵיין מַאן דוּרְךְ אִיהְם גָאט צוּ פָארְשֶׁען,
אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אִיהְם פֵיינְד, וָוארִין
עֶר זָאגְט קֵיין גוּט נְבוּאוֹת אוֹיף מִיר,
נֵייעֶרְט שְׁלֶעכְטֶעס אַלֶע זֵיינֶע טֶעג,
דָאס אִיז מִיכָיְהוּ זוּהְן פוּן יִמְלָא; אוּנְד
יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעזָאגְט, לָאז דָאךְ דֶער
מֶלֶךְ נִיט אַזוֹי זָאגֶען׃
8 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל
גֶערוּפֶען אֵיינֶעם פוּן זֵיינֶע בֶּעדִינְטֶע,
אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט
בְּרֶענְג גֶעשְׁווִינְד דֶעם מִיכָיְהוּ, זוּהְן
פוּן יִמְלָא׃
9 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד
יְהוֹשָׁפָט דֶער מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה זֶענֶען
גֶעזֶעסֶען אִיטְלִיכֶער אוֹיף זֵיין שְׁטוּהְל
אָנְגֶעטְהוּן מִיט קֶענִיגְלִיכֶע קְלֵיידֶער,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִין אַ שֵׁייעֶר
אַן דֶער טִיעֶר פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן
שׁוֹמְרוֹן, אוּנְד אַלֶע נְבִיאִים הָאבֶּען
פַאר זֵייא נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט׃
10 אוּנְד צִדְקִיָהוּ זוּהְן פוּן כְּנַעֲנָה
הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אֵייזֶערְנֶע הֶערְנֶער,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאגְט
יְהֹוָה מִיט דִיא דָאזִיגֶע וֶועסְט דוּא
שְׁטוֹיסֶען אֲרָם בִּיז דוּא וֶועסְט זֵייא
פֶערְטִילְגֶען׃
11 אוּנְד אַלֶע נְבִיאִים הָאבֶּען נְבִיאוֹת
גֶעזָאגְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גֵייא אַרוֹיף
נָאךְ רָמוֹת גִלְעָד אוּנְד זֵייא מַצְלִיחַ,
אוּנְד גָאט וֶועט זֵייא גֶעבֶּען אִין דֶעם
מֶלֶךְ'ס הַאנְד׃
12 אוּנְד דֶער שָׁלִיחַ וָואס אִיז אַהִינְ־
גֶעגַאנְגֶען מִיכָיְהוּ צוּ רוּפֶען, הָאט צוּ
אִיהְם גֶערֶעט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֶעה, דִיא
נְבִיאִים רֶעדֶען מִיט אֵיין מוֹיל גוּטֶעס
וֶועגֶען דֶעם מֶלֶךְ, לָאז דָאךְ דֵיין וָוארְט
זֵיין אַזוֹי וִויא אֵיינְס פוּן זֵייא, אוּנְד
רֶעד אוֹיךְ גוּטֶעס׃
13 אוּנְד מִיכָיְהוּ הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי
וִויא גָאט לֶעבְּט, אַז נָאר דָאס וָואס
גָאט וֶועט זָאגֶען דָאס וֶועל אִיךְ
רֶעדֶען׃
14 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ
דֶעם מֶלֶךְ, אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיכָה, זָאלֶען מִיר
אַרוֹיפְגֵיין נָאךְ רָמוֹת גִלְעָד צוּ דֶער
מִלְחָמָה, אָדֶער זָאל אִיךְ עֶס פֶערְמֵיי־
דֶען? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט גֵייט
אַרוֹיף אוּנְד זֵייט מַצְלִיחַ וָוארִין זֵייא
וֶועלֶען גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין אֵיירֶע
הֶענְד׃
51 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, וִויא פִיל מָאל זָאל אִיךְ דִיךְ
בֶּעשְׁוֶוערֶען אַז דוּא זָאלְסְט נִיט אַנְ־
דֶערְשְׁט רֶעדֶען צוּ מִיר נֵייעֶרְט דֶעם
אֶמֶת אִין גָאט'ס נָאמֶען?

16 אַזוי הָאט עֶר גֶעזָאגְט אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען גַאנְץ יִשְׂרָאֵל פֶערשְׁפְּרֵייט
אויף דִיא בֶּערְג אַזוי וִויא שָׁאף וָואס
הָאבֶּען נִיט קֵיין פַּאסְטוּךְ, אוּנְד גָאט
הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין
הַאר צוּ דִיא דָאזִיגֶע, לָאז זִיךְ אִיטְלִיכֶער
מַאן אוּמְקֶעהְרֶען צוּ זַיין הויז בְּשָׁלוֹם׃
17 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט
גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשָׁפָט, הָאבּ אִיךְ דִיר
נִיט גֶעזָאגְט אַז עֶר וֶועט צוּ מִיר קֵיין
גוּטֶעס נְבִיאוּת זָאגֶען נֵייעֶרְט נָאר
שְׁלֶעכְטֶעס׃
18 אוּנְד עֶר (מִיכָה) הָאט גֶעזָאגְט,
הֶערְט דָאס וָוארְט פוּן גָאט, אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען גָאט זִיצֶען אויף זַיין טְרוֹין־
שְׁטוּל, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע חַיָילוֹת פוּן
דֶעם הִימֶעל שְׁטֵיין אויף זַיינֶע רֶעכְטֶע
זַייט אוּנְד זַיינֶע לִינְקֶע זַייט׃
19 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער
וֶועט דֶעם אַחְאָב מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל
אִיבֶּערְרֶעדֶען, אַז עֶר זָאל אַרוֹיפְגֵיין
אוּנְד פַאלֶען אִין רָמוֹת גִלְעָד? אוּנְד
אֵיינֶער הָאט אַזוי גֶעזָאגְט אוּנְד אֵיין
אַנְדֶערֶער אַזוי׃
20 אוּנְד אַ רוּחַ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פַאר גָאט,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אִיהְם
אִיבֶּערְרֶעדֶען; אוּנְד גָאט הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיט וָואס?
21 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל
אַרוֹיסְגֵיין אוּנְד אִיךְ וֶועל זַיין אַ פַאלְ־
שֶׁער רוּחַ אִין דֶעם מוֹיל פוּן אַלֶע
זַיינֶע נְבִיאִים; אוּנְד גָאט הָאט גֶע־
זָאגְט, דוּא וֶועסְט אִיהְם אִיבֶּערְרֶעדֶען
אוּנְד דוּא וֶועסְט אִיהְם אוֹיךְ בֵּייקוּמֶען,
גֵייא אַרוֹיס, אוּנְד טְהוּא אַזוי׃
22 אוּנְד אַצוּנְד, זֶעה, גָאט הָאט
גֶעגֶעבֶּען אַ פַאלְשֶׁען רוּחַ אִין דֶעם
מוֹיל פוּן דִיא דָאזִיגֶע דֵיינֶע נְבִיאִים,
אוּנְד גָאט הָאט אִיבֶּער דִיר גֶערֶעט
שְׁלֶעכְטֶעס׃
23 אַזוי אִיז צִדְקִיָהוּ זוּהְן פוּן כְּנַעֲנָה
צוּגֶעטְרֶעטֶען אוּנְד עֶר הָאט דֶעם
מִיכָיְהוּ גֶעשְׁלָאגֶען אויף דִיא בַּאקֶען,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶועלְכֶען וֶועג
אִיז דֶער רוּחַ פוּן גָאט אִיבֶּערְגֶעפָאהְרֶען
פוּן מִיר מִיט דִיר צוּ רֶעדֶען?
24 אוּנְד מִיכָיְהוּ הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה,
דוּא וֶועסְט עֶס זֶעהֶען אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג וֶוען דוּא וֶועסְט אַרֵיינְקוּמֶען
פוּן אֵיין חֶדֶר צוּ דֶעם אַנְדֶערְן דִיךְ צוּ
בֶּעהַאלְטֶען׃
25 אַזוי הָאט דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל
גֶעזָאגְט, נֶעמְט דֶעם מִיכָיְהוּ אוּנְד
בְּרֶענְגְט אִיהְם צוּרִיק צוּ אָמוֹן דֶעם
אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד
צוּ יוֹאָשׁ דֶעם קֶענִיג'ס זוּהְן׃
26 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זָאגֶען, אַזוי
זָאגְט דֶער מֶלֶךְ, טְהוּט דֶעם דָאזִיגֶען
אִין דֶעם תְּפִיסָה הויז, אוּנְד שְׁפֵּייזְט
אִיהְם מִיט פֵּיינְלִיכֶען בְּרוֹיט אוּנְד
פֵּיינְלִיכֶעם וַואסֶער בִּיז אִיךְ וֶועל צוּ־
רִיקְקוּמֶען בְּשָׁלוֹם׃
27 אוּנְד מִיכָיְהוּ הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען
דוּא וֶועסְט בֶּאֱמֶת צוּרִיקְקוּמֶען בְּשָׁלוֹם
אַזוי הָאט גָאט נִיט דוּרְךְ מִיר גֶערֶעט,
אוּנְד עֶר הָאט וַוייטֶער גֶעזָאגְט, הָארְכְט
אַלֶע אִיהְר פֶעלְקֶער׃
28 אַזוי זֶענֶען דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל
אוּנְד יְהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען נָאךְ רָמוֹת גִלְעָד׃
29 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט
גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשָׁפָט, אִיךְ וֶועל מִיךְ
פֶערשְׁטֶעלֶען, אוּנְד וֶועל קוּמֶען אִין

דֶער מִלְחָמָה, אָבֶער דוּא טְהוּא אָן
דַיינֶע קְלֵיידֶער; אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער
מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל פֶערשְׁטֶעלְט, אוּנְד
זַייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען אִין דֶער
מִלְחָמָה:
30 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן אֲרָם הָאט
גֶעבָּאטֶען צוּ זַיינֶע אוֹיבֶּערשְׁטֶע פוּן
דִיא רַייטְוֶועגֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיהְר
זָאלְט נִיט קֵיינֶע מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט
קְלֵיין אָדֶער גְרוֹיס גֵייעֶרְט נוּר מִיט
דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל אַלֵיין:
31 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דִיא
אוֹיבֶּערשְׁטֶע פוּן דִיא רַייטְוֶועגֶען הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען דֶעם יְהוֹשָׁפָט, אַזוֹי הָאבֶּען
זַייא גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז דֶער מֶלֶךְ פוּן
יִשְׂרָאֵל אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אַרוּמְ־
גֶערִינְגֶעלְט מִיט אִיהְם מִלְחָמָה צוּ
הַאלְטֶען; אָבֶּער יְהוֹשָׁפָט הָאט אוֹיסְ־
גֶעשְׁרִיגֶען, אוּנְד גָאט הָאט אִיהְם גֶע־
הָאלְפֶען, אוּנְד גָאט הָאט גֶעמַאכְט אַז
זַייא זָאלֶען פוּן אִיהְם אָפְּקֶעהְרֶען:
32 אוּנְד וֶוען דִיא אוֹיבֶּערשְׁטֶע פוּן
דִיא רַייטְוֶועגֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס
עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען דֶער מֶלֶךְ פוּן
יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ פוּן
הִינְטֶער אִיהְם צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט:
33 אוּנְד אַ גֶעווִיסֶער מַאן הָאט גֶע־
שְׁפַּאנְט דֶעם בּוֹיגֶען אָהְן אַ צִיעֶל,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם מֶלֶךְ
פוּן יִשְׂרָאֵל צְווִישֶׁען דִיא בֶּעהֶעפְטוּנְגֶען
אוּנְד צְווִישֶׁען דֶעם פַּאנְצֶער, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין רַייטְוָואגֶען מַאן,
קֶעהְר אוּם דַיינֶע הַאנְד כְּדֵי מִיךְ
אַרוֹיסְצוּבְּרֶענְגֶען אוֹיס דֶער מַחֲנֶה
וָוארִין אִיךְ בִּין פֶערווְאוּנְדֶעט:
34 אוּנְד דִיא מִלְחָמָה אִיז אַן דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעשְׁטִיגֶען, אָבֶּער דֶער
מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען
אִין דֶעם רַייטְוָואגֶען קֶעגֶען אִיבֶּער
אֲרָם בִּיז צוּם אָבֶענְד, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין דֶער צֵייט וֶוען דִיא
זוּן אִיז אוּנְטֶערגֶעגַאנְגֶען:

## קאפיטעל יט

1 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה אִיז
צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין הוֹיז בְּשָׁלוֹם
גָאךְ יְרוּשָׁלַיִם:
2 אוּנְד יֵהוּא בֶּן־חֲנָנִי דֶער נָבִיא, אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִיהְם צוּ בֶּעגֶעגְנֶען,
אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
זָאלְסְט דוּא הֶעלְפֶען דֶעם רָשָׁע, אוּנְד
זָאלְסְט דוּא דִיא שׂוֹנְאִים פוּן גָאט
לִיבֶּען? אִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען אִיז דֶער
צָארְן פוּן גָאט אִיבֶּער דִיר:
3 אָבֶּער דָאךְ גֶעפִינֶען זִיךְ גוּטֶע
זַאכֶען אִין דִיר, וְוייל דוּא הָאסְט
אוֹיסְגֶערוֹימְט דִיא לִינְדֶען־בֵּיימֶער פוּן
דֶעם לַאנְד, אוּנְד דוּא הָאסְט אָנְגֶע־
בְּרֵייט דַיין הַארְץ גָאט צוּ זוּכֶען:
4 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעווְאוֹינְט אִין
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶר אִיז ווִידֶער אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען מִיט דֶעם פָאלְק פוּן בְּאֵר
שֶׁבַע בִּיז צוּ דֶעם בַּארְג אֶפְרַיִם, אוּנְד
עֶר הָאט זַייא צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט צוּ יְהוָֹה
דֶעם גָאט פוּן זַיירֶע פֶעטֶער:
5 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט שׁוֹפְטִים
אִין דֶעם לַאנְד, אִין אַלֶע שְׁטֶעט פוּן
יְהוּדָה, אִין אִיטְלִיכֶע פֶעסְטֶע שְׁטָאט:
6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
שׁוֹפְטִים גֶעמְט אֵייךְ אִין אַכְט וָואס
אִיהְר טְהוּט, וָוארִין אִיהְר טְהוּט נִיט
מִשְׁפָּט׳ן פַאר מֶענְשֶׁען גֵייעֶרְט פַאר
גָאט, אוּנְד עֶר אִיז מִיט אֵייךְ אִין דֶער
זַאךְ פוּן דֶעם מִשְׁפָּט:
7 אוּנְד לָאז דִיא פָארְכְט פוּן גָאט

אִיבֶּער אֵייךְ זַיין, הִיט אֵייךְ אוּנְד
טְהוּט עֶס, וָוארִין מִיט יְהֹוָה אוּנְזֶער
גָאט אִיז קֵיין אוּמְרֶעכְט פֶּערְהַאנְדֶלְען,
אוּנְד עֶר אִיז קֵיין נוֹשֵׂא פָּנִים, אוּנְד
עֶר נֶעמְט אוֹיךְ נִיט קֵיין שׁוֹחַד:

8 אוּנְד אוֹיךְ אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאט
יְהוֹשָׁפָט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט פוּן דִיא לְוִיִם
אוּנְד פוּן דִיא כּוֹהֲנִים, אוּנְד פוּן דִיא
רָאשֵׁי אָבוֹת פוּן יִשְׂרָאֵל צוּ דֶעם
מִשְׁפָּט פוּן יְהֹוָה, אוּנְד אִיבֶּער קְרִיגֶע־
רַייא, אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט
נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם:

9 אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּער זַייא בֶּעפוֹי־
לֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר
טְהוּן אִין דֶער פָארְכְט פוּן גָאט, אוּנְד
אִין טְרַייהַייט אוּנְד מִיט אַ גַאנְץ
הַארְץ:

10 אוּנְד אִיטְלִיכֶער קְרִיג וָואס וֶועט
צוּ אֵייךְ גֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען פוּן אֵיירֶע
בְּרִידֶער וָואס וְואוֹינֶען אִין זֵיירֶע שְׁטֶעט,
צְווִישֶׁען בְּלוּט אוּנְד בְּלוּט, צְווִישֶׁען
תּוֹרָה אוּנְד מִצְוֹת, גֶעזֶעץ אוּנְד
מִשְׁפָּטִים, זָאלְט אִיהְר זַייא וָוארְנֶען,
כְּדֵי זַייא זָאלֶען נִיט שׁוּלְדִיג וֶוערֶען
פַאר גָאט, אַז עֶס זָאל נִיט אִיבֶּער
אֵייךְ אוּנְד אִיבֶּער אֵיירֶע בְּרִידֶער
קוּמֶען אַ צָארְן; אַזוֹי זָאלְט אִיהְר טְהוּן
אוּנְד אִיהְר וֶועט אֵייךְ נִיט פֶערְשׁוּלְ־
דִיגֶען:

11 אוּנְד זֶעה, אֲמַרְיָהוּ דֶער אוֹיבֶּער־
שְׁטֶער כּוֹהֵן אִיז אִיבֶּער אֵייךְ צוּ
אִיטְלִיכֶער זַאךְ פוּן גָאט, אוּנְד זְבַדְיָהוּ
בֶּן־יִשְׁמָעֵאל דֶער נָגִיד אִיבֶּער דֶעם
הוֹיז יְהוּדָה צוּ אִיטְלִיכֶער זַאךְ פוּן
דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד דִיא לְוִיִם זָאלֶען זַיין
שַׁמָשִׁים פַאר אֵייךְ, שְׁטַארְקְט אֵייךְ
אוּנְד טְהוּט, אוּנְד גָאט וֶועט זַיין מִיט
דִיא וָואס טְהוּן גוּטֶעס:

קאפּיטעל כ

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאכְדֶעם,
אַזוֹי זֶענֶען דִיא בְּנֵי מוֹאָב אוּנְד דִיא
בְּנֵי עַמוֹן גֶעקוּמֶען, אוּנְד מִיט זַייא
זֶענֶען נָאךְ גֶעוֶועזֶען אַנְדֶערֶע פוּן
דִיא עַמוֹנִים מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט
יְהוֹשָׁפָט:

2 אוּנְד מֶען אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד מֶען
הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשָׁפָט אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, אַ זֶעהְר גְרוֹיס חַיִל אִיז
קֶעגֶען דִיר גֶעקוּמֶען פוּן דֶער אַנְדֶערֶער
זַייט יָם, פוּן אֲרָם, אוּנְד זֶעה, זַייא
זֶענֶען אִין חַצְצוֹן־תָּמָר, דָאס אִיז עֵין גֶדִי:

3 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זַיין פָּנִים גֶעגֶעבֶּען גָאט
צוּ זוּכֶען, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען
אַ פַאסְטֶען אִיבֶּער גַאנְץ יְהוּדָה:

4 אוּנְד יְהוּדָה הָאט זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט
כְּדֵי פוּן גָאט צוּ זוּכֶען הִילְף, אַפִילוּ
פוּן אַלֶע שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה זֶענֶען זַייא
גֶעקוּמֶען גָאט צוּ זוּכֶען.

5 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין
דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן יְהוּדָה אוּנְד
יְרוּשָׁלַיִם, אִין דֶעם הוֹיז פוּן גָאט, פַאר
דֶעם נֵייעֶם פָאר־הוֹיף:

6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אוֹי יְהֹוָה,
דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, בִּיזְט
דוּא נִיט דֶער גָאט אִין דֶעם הִימֶעל?
אוּנְד טְהוּסְט דוּא נִיט גֶעוֶועלְטִיגֶען
אִיבֶּער אַלֶע קֶענִיגְרַייכֶען פוּן דִיא
פֶעלְקֶער? אוּנְד אִיז נִיט אִין דַיינֶע
הַאנְד כּוֹחַ אוּנְד גְבוּרָה, דָאס קֵיינֶער
קֶען נִיט פַאר דִיר בֶּעשְׁטֵיין?

7 בִּיזְט דוּא נִיט אוּנְזֶער גָאט וָואס
דוּא הָאסְט פֶערְטְרִיבֶּען דִיא בֶּעוֶואוֹי־
נֶער פוּן דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד פוּן פַאר

דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד הָאסְט עֶס
גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם זָאמֶען פוּן אַבְרָהָם
דֵיין פְרֵיינְד אוֹיף אֵייבִּיג ?
8 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דַארִין גֶעוְואוֹינְט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ דִיר דַארִין
גֶעבּוֹיעֶט אַ בֵּית הַמִקְדָשׁ פַאר דֵיין
נָאמֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען :
9 וֶוען עֶס וֶועט אִיבֶּער אוּנְס קוּמֶען
אַ בֵּייז, דְהַיְינוּ, אַ שְׁוֶוערְד, שְׁטְרָאפְּ־
גֶערִיכְט, מָארְד אוּנְד הוּנְגֶער, אוּנְד
מִיר וֶועלֶען שְׁטֵיין פַאר דֶעם דָאזִיגֶען
הוֹיז, אוּנְד פַאר דִיר, וָוארִין דֵיין נָאמֶען
אִיז אִין דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז, אוּנְד מִיר
וֶועלֶען צוּ דִיר שְׁרֵייעֶן אִין אוּנְזֶערֶע
צָרוֹת, אַזוֹי וֶועסְט דוּא אוּנְס דֶערְ־
הֶערֶען אוּנְד הֶעלְפֶען :
10 אוּנְד אַצוּנְד, זֶעה, דִיא בְּנֵי עַמוֹן
אוּנְד מוֹאָב אוּנְד דֶעם בַּארְג שֵׂעִיר,
וָואס דוּא הָאסְט נִיט צוּגֶעלָאזְט אַז
יִשְׂרָאֵל זָאל זֵייא אֵיינְנֶעמֶען, וָוען זֵייא
זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיס דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם,
וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פוּן זֵייא אַוֶועקְ־
גֶעקֶעהְרְט, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא נִיט
פֶערְטִילְגְט :
11 אוּנְד זֶעה, וִויא זֵייא פֶערְגֶעלְטֶען
אוּנְס, דָאס זֵייא קוּמֶען כְּדֵי אוּנְס צוּ
פֶערְטְרֵייבֶּען פוּן דֵיינֶע יְרוּשָׁה וָואס
דוּא הָאסְט אוּנְס גֶעמַאכְט יַרְשְׁנְ'ן :
12 אוֹי, אוּנְזֶער גָאט, וִוילְסְט דוּא
זֵייא נִיט מִשְׁפְּט'ן ? וָוארִין מִיר הָאבֶּען
נִיט קֵיין כּוֹחַ פַאר דֶער דָאזִיגֶען גְרוֹיסֶע
מַאסֶע וָואס אִיז קֶעגֶען אוּנְס אָנְגֶע־
קוּמֶען, אוּנְד מִיר וִויסֶען נִיט וָואס מִיר
זָאלֶען טְהוּן, וָוארִין אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען
זֶענֶען אוֹיף דִיר :
13 אוּנְד גַאנְץ יְהוּדָה אִיז גֶעשְׁטַאנֶען
פַאר גָאט, מִיט זֵיירֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער,
ווייבֶּער אוּנְד קִינְדֶער :
14 אוּנְד אִיבֶּער יַחֲזִיאֵל זוּהְן פוּן
זְכַרְיָהוּ, זוּהְן פוּן בְּנָיָה, זוּהְן פוּן יְעִיאֵל,
זוּהְן פוּן מַתַּנְיָה, הַלֵוִי, פוּן דִיא זִיהְן
פוּן אָסָף, אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ פוּן גָאט צְווִישֶׁען דֶער פֶערְ־
זַאמְלוּנְג :
15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הָארְכְט,
אִיהְר גַאנְץ יְהוּדָה, אוּנְד אֵיינְוְואוֹינֶערְס
פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד דוּא מֶלֶךְ יְהוֹשָׁפָט,
אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה צוּ אֵייךְ, אִיהְר זָאלְט
נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען אוּנְד אִיהְר
זָאלְט אֵייךְ נִיט דֶערשְׁרֶעקֶען פַאר דֶער
דָאזִיגֶער גְרוֹיסֶע מַאסֶע, וָוארִין דִיא
מִלְחָמָה אִיז נִיט פַאר אֵייךְ, נֵייעֶרְט צוּ
גָאט :
16 מָארְגֶען זָאלְט אִיהְר קֶעגֶען זֵייא
אַרוּפְגֵיין, זֶעה, זֵייא גֵייעֶן אַרוֹיף בֵּייא
דֶעם אוֹיפְגַאנְג פוּן צִיץ, אוּנְד אִיהְר
וֶועט זֵייא גֶעפִינֶען אִין דֶעם עֶנְד פוּן
דֶעם טָאל פַאר דֶער מִדְבָּר יְרוּאֵל :
17 אִיהְר וֶועט נִיט בְּרוֹיכֶען מִלְחָמָה
צוּ הַאלְטֶען אִין דֶער דָאזִיגֶער מִלְחָמָה,
שְׁטֶעלְט אֵייךְ אוּנְד שְׁטֵייט שְׁטִיל אוּנְד
זֶעהְט דִיא הִילְף פוּן גָאט מִיט אֵייךְ,
אוֹי יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם, הָאט נִיט
קֵיין מוֹרָא אוּנְד דֶערשְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט ;
גֵייט מָארְגֶען אַרוֹיס קֶעגֶען זֵייא, וָוארִין
יְהוָֹה וֶועט זֵיין מִיט אֵייךְ :
18 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט
מִיט זֵיין פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד
גַאנְץ יְהוּדָה אוּנְד דִיא אֵיינְוְואוֹינֶער
פוּן יְרוּשָׁלַיִם זֶענֶען אַנִידֶער גֶעפַאלֶען
פַאר גָאט זִיךְ צוּ בִּיקֶען צוּ גָאט :
19 אוּנְד דִיא לְוִיִם פוּן דִיא קִינְדֶער
פוּן קְהָת אוּנְד פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן
קוֹרַח זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען כְּדֵי צוּ

לויבּען יְהוָֹה, דעם גאָט פֿון יִשְׂרָאֵל
מיט אַ גרויס אוּנד הויך קול׃
20 אוּנד זַייא זֶענען אִין דער פְרִיה
אויפֿגעשטאַנען, אוּנד זַייא זֶענען אַרויס־
געגאַנגען אִין דער מִדְבַּר תְּקוֹעַ, אוּנד
ווען זַייא זֶענען אַרויסגעגאַנגען אַזוֹי
האָט זִיך יְהוֹשָׁפָט געשטעלט אוּנד עֶר
האָט געזאָגט, הערט מִיך צוּ אִיהר
יְהוּדָה אוּנד אִיהר אֵיינוואוינער פֿוּן
יְרוּשָׁלַיִם, גְלֵייבּט אִין יְהוָֹה אֵייער גאָט,
אַזוֹי וועט אִיהר בּעשטעטיגט ווערען,
גְלֵייבּט אִין זַיינע נְבִיאִים אַזוֹי וועט
אִיהר מַצְלִיחַ זַיין׃
21 אוּנד ווען עֶר האָט זִיך בּעראָטען
מיט דעם פֿאָלק, אַזוֹי האָט עֶר אָנ־
געשטעלט מְשׁוֹרְרִים צוּ יְהוָֹה, כְּדֵי
זַייא זָאלען לויבּען מיט זַיינער שֵׁיינען
הֵיילִיגְקֵייט, ווען זַייא ווֶעלען אַרויסגֵיין
פַאר דִיא געוואָפֶענטע, אוּנד זַייא
זָאלען זָאגען, לויבּט גאָט, וואָרין זַיין
חֶסֶד געדויערט אויף אֵייבּיג׃
22 אוּנד צוּ דער צַייט ווען זַייא
האָבּען אָנגעהויבּען צוּ זִינגען אוּנד צוּ
לויבּען, האָט גאָט געגעבּען לויערערס
אויף דִיא בְּנֵי עַמּוֹן אוּנד מוֹאָב אוּנד
דִיא פֿוּן דעם בַּארג שֵׂעִיר וואָס זֶענען
געקוּמען קעגען יְהוּדָה, אוּנד זַייא
זֶענען געשלאָגען געוואָרען׃
23 וואָרין דִיא בְּנֵי עַמּוֹן אוּנד מוֹאָב
האָבּען זִיך געשטעלט קעגען דִיא בּעֶ־
וואוינער פֿוּן דעם בַּארג שֵׂעִיר, אִים
גַאנְצען צוּ פֶערְווִיסְטען אוּנד צוּ פֶערְ־
טִילְגען, אוּנד ווען זַייא האָבּען גֶע־
מַאכְט אֵיין עֶנְד מיט דִיא בּעוואוינער
פֿוּן שֵׂעִיר, אַזוֹי האָט אִיטְלִיכער גֶע־
האָלְפֶען אֵיינער דעם אַנדערן צוּ פֶערְ־
טִילְגען׃
24 אוּנד ווען דִיא פֿוּן יְהוּדָה זֶענען
אָנגעקוּמען בַּייא מִצְפָּה אִין דער מִדְבָּר,
אַזוֹי האָבּען זַייא געקוּקט צוּ דער
מַאסֶע, אוּנד זֶעה, זַיירע פְּגָרִים זֶענען
געוועזען געפַאלען אויף דער עֶרְד,
אוּנד קֵיינער אִיז נִיט עַנְטְרוּנען׃
25 אוּנד ווען יְהוֹשָׁפָט אוּנד זַיין פָאלְק
זֶענען געקוּמען אַוועקצוּנעמען דעם
רוֹיבּ, אַזוֹי האָבּען זַייא געפִינען
זֶעהר פִיל רֵייכְטוּם, צְווִישען דִיא
פְּגָרִים, אוּנד טֵייערע יוּבּעלען, אוּנד
זַייא האָבּען זַייא אָפְּגעצויגען פַאר זִיך
אַ גַאנְץ גְרויסע מַשָּׂא, אוּנד עֶס האָט
זַייא גענוּמען דְרֵייא טֶעג צוּזַאמֶען צוּ
נעמען דעם רוֹיבּ, ווייל עֶס אִיז זֶעהר
פִיל געוועזען׃
26 אוּנד אִין דעם פִירְטען טָאג האָבּען
זַייא זִיך פֶערזַאמעלט אִין דעם טָאל
פֿוּן בְּרָכָה, וואָרין דָארְטען האָבּען זַייא
געבּענְשְׁט יְהוָֹה, דָארִיבּער האָט מֶען
גערוּפֶען דעם מְעָלבִּיגען אָרְט עֵמֶק
בְּרָכָה בִּיז צוּ דעם הַיינְטִיגען טָאג׃
27 אוּנד זַייא האָבּען צוּרִיקגעקעהרט
אִיטְלִיכער מַאן פֿוּן יְהוּדָה אוּנד
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנד יְהוֹשָׁפָט אַן דער שְׁפִּיץ,
כְּדֵי צוּרִיקצוּקעהרען נָאך יְרוּשָׁלַיִם מיט
אַ פְרֵייד, וואָרין גאָט האָט זַייא גֶע־
מַאכְט אַ פְרֵייד אִיבּער זַיירע פֵיינד׃
28 אוּנד זַייא זֶענען געקוּמען אִין
יְרוּשָׁלַיִם מיט פִידֶעלְן, אוּנד הַארְפֶען,
אוּנד מיט טְרָאמְפֵּייטען צוּ דעם הויז
פֿוּן גאָט׃
29 אוּנד דִיא פָארְכְט פֿוּן גאָט אִיז
געוועזען אִיבּער אַלע קֶענִיגְרֵייכע פֿוּן
דִיא לֶענְדער, ווען זַייא האָבּען גֶע־
הֶערְט אַז גאָט האָט מִלְחָמָה געהאַלְטען
קעגען דִיא פֵיינְד פֿוּן יִשְׂרָאֵל׃

30 אַזוֹי אִיז דָאס מַלְכוּת פוּן יְהוֹשָׁפָט שְׁטִיל גֶעוֶועזֶען, וָוארִין זַיין גָאט הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען רוּה פוּן רִינְגְס אַרוּם׃

31 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער יְהוּדָה, עֶר אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען פִינְף אוּנְד דְרַייסִיג יָאהְר וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעגִירֶען, אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר אִין יְרוּשָׁלַיִם; אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זַיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען עֲזוּבָה דִיא טָאכְטֶער פוּן שִׁלְחִי׃

32 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם וֶועג פוּן זַיין פָאטֶער אָסָא, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ נִיט דֶערְפוּן אָפְּגֶעקֶעהְרְט, עֶר הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס אִיז רֶעכְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט׃

33 נֵייעֶרְט דִיא בָּמוֹת הָאט עֶר נִיט אָפְּגֶעטְהוּן, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט נָאךְ נִיט אָנְגֶעבְּרֵייט זֵייעֶר הַארְץ צוּ דֶעם גָאט פוּן זֵייעֶרֶע אָבוֹת׃

34 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן יְהוֹשָׁפָט, דִיא עֶרְשְׁטֶע אוּנְד דִיא לֶעצְטֶע, זֶעה, זֵייא זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיא וֶוערְטֶער פוּן יֵהוּא זוּהְן פוּן חֲנָנִי, וָואס אִיז (אוֹיךְ) דֶערְמַאנְט אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל׃

35 אָבֶּער דֶערְנָאךְ הָאט זִיךְ יְהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה בֶּעהֶעפְט מִיט אֲחַזְיָה מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאט גֶעטְהוּן זֶעהְר שְׁלֶעכְט׃

36 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ מִיט אִיהם בֶּעהֶעפְט צוּ מַאכֶען שִׁיפֶען כְּדֵי צוּ גֵיין נָאךְ תַּרְשִׁישׁ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט דִיא שִׁיפֶען אִין עֶצְיוֹן גֶּבֶר׃

37 אוּנְד אֱלִיעֶזֶר זוּהְן פוּן דוֹדָוָהוּ אוֹיס מוֹרֵשָׁה, הָאט נְבִיאוּת גֶעזָאגְט קֶעגֶען יְהוֹשָׁפָט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֵוייל דוּא הָאסְט דִיךְ בֶּעהֶעפְט מִיט אֲחַזְיָהוּ אַזוֹי הָאט גָאט צוּבְּרָאכֶען דֵיינֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד דִיא שִׁיפֶען זֶענֶען צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען אַזוֹי דָאס זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט גֵיין נָאךְ תַּרְשִׁישׁ׃

## קאפיטעל כא

1 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט זַיינֶע פֶעטֶער, אוּנְד עֶר אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען מִיט זַיינֶע פֶעטֶער אִין דֶער שְׁטָאט פוּן דָוִיד, אוּנְד יְהוֹרָם זַיין זוּהְן הָאט רֶעגִיעֶרְט אִין זַיינֶער שְׁטֶעל׃

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט בְּרִידֶער, דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוֹשָׁפָט, דְהַיְינוּ, עֲזַרְיָה, אוּנְד יְחִיאֵל, אוּנְד זְכַרְיָהוּ, אוּנְד עֲזַרְיָהוּ, אוּנְד מִיכָאֵל, אוּנְד שְׁפַטְיָהוּ, אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא זִיהְן פוּן יְהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל׃

3 אוּנְד זֵייעֶר פָאטֶער הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען גְרוֹיסֶע מַתָּנוֹת, פוּן זִילְבֶּער אוּנְד פוּן גָאלְד, אוּנְד טֵייעֶרֶע זַאכֶען, מִיט פֶעסְטֶע שְׁטֶעט אִין יְהוּדָה, אָבֶּער דִיא מְלוּכָה הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען צוּ יְהוֹרָם, וֵוייל עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער בְּכוֹר׃

4 אוּנְד וֶוען יְהוֹרָם אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִיבֶּער דִיא מְלוּכָה פוּן זַיין פָאטֶער, אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט, אוּנְד עֶר הָאט דֶערשְׁלָאגֶען אַלֶע זַיינֶע בְּרִידֶער מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד אוֹיךְ (פִילֶע) פוּן דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן יִשְׂרָאֵל׃

5 יְהוֹרָם אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען צְוֵויא אוּנְד דְרַייסִיג יָאהְר וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעגִירֶען, אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט אַכְט יָאהְר אִין יְרוּשָׁלַיִם׃

6 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא
וֶועגֶען פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל,
אַזוֹי וִויא דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אַחְאָב
הָאט גֶעטְהוּן, ווָארִין עֶר הָאט גֶעהַאט
אַ טָאכְטֶער פוּן אַחְאָב פַאר אַ ווַייבּ,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס אִין
דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט׃
7 אָבֶּער גָאט הָאט נִיט גֶעוָואלְט
פֶערְדַארְבֶּען דָאס הוֹיז פוּן דָוִיד, פוּן
וֶועגֶען דֶעם בְּרִית וָואס עֶר הָאט
גֶעמַאכְט מִיט דָוִיד, אוּנְד אַזוֹי וִויא עֶר
הָאט צוּגֶעזָאגְט צוּ אִיהְם אוּנְד צוּ
זַיינֶע זִיהְן צוּ גֶעבֶּען אַ לִיכְט אַלֶע
צַייט׃
8 אִין זַיינֶע טֶעג הָאט אֱדוֹם מוֹרֵד
גֶעוֶועזֶען פוּן אוּנְטֶער דִיא גֶעוֶועלְטִיגְ־
קַייט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אִיבֶּער זִיךְ גֶעמַאכְט אַ מֶלֶךְ׃
9 אַזוֹי אִיז יְהוֹרָם אִיבֶּערְגֶעפָאהְרֶען
מִיט זַיינֶע פִירְשְׁטֶען, אוּנְד אַלֶע רַייטְ־
וֶועגֶען מִיט אִיהְם, אוּנְד עֶר אִיז
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען בַּייא נַאכְט אוּנְד עֶר
הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם אֱדוֹם וָואס הָאט
אִיהְם אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט מִיט זַיינֶע אוֹי־
בֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא רַייטְוֶועגֶען׃
10 אוּנְד אַזוֹי הָאט אֱדוֹם מוֹרֵד גֶע־
וֶועזֶען פוּן אוּנְטֶער דִיא גֶעוֶועלְטִיגְקַייט
פוּן יְהוּדָה בִּיז צוּם הַיינְטִיגֶען טָאג,
אִין דֶערְזֶעלְבִּיגֶער צַייט הָאט אוֹיךְ
לִבְנָה מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען פוּן אוּנְטֶער זַיינֶע
הַאנְד, ווַייל עֶר הָאט פֶערְלָאזֶען יְהוָֹה
דֶעם גָאט פוּן זַיינֶע פֶעטֶער׃
11 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעמַאכְט
בָּמוֹת אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן יְהוּדָה, אוּנְד
עֶר הָאט דִיא בֶּעווֹאוינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם
גֶעמַאכְט מְזַנֶּה צוּ זַיין, אוּנְד עֶר הָאט
פֶערְשְׁטוֹיסֶען דִיא לַייט פוּן יְהוּדָה׃

12 אוּנְד עֶס אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען
אַ גֶעשְׁרִיפְט פוּן אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה, דֶער גָאט פוּן
דָוִיד דַיין פָאטֶער, ווַייל דוּא בִּיזְט נִיט
גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא וֶועגֶען פוּן יְהוֹשָׁפָט
דַיין פָאטֶער אוּנְד אִין דִיא וֶועגֶען פוּן
אָסָא מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה׃
13 נֵייעֶרְט דוּא בִּיזְט גֶעגַאנְגֶען אִין
דִיא וֶועגֶען פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד הָאסְט גֶעמַאכְט יְהוּדָה מְזַנֶּה צוּ
זַיין, אוּנְד אוֹיךְ דִיא בֶּעווֹאוינֶער פוּן
יְרוּשָׁלַיִם גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס זְנוּת פוּן
דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אַחְאָב, אוּנְד דוּא
הָאסְט אוֹיךְ דֶערְשְׁלָאגֶען דַיינֶע בְּרִידֶער,
דַיין פָאטֶערְס הוֹיזְגֶעזִינְד, וָואס זֶענֶען
בֶּעסֶער גֶעוֶועזֶען פוּן דִיר׃
14 זֶעה, אַזוֹי וֶועט יְהוָֹה שְׁלָאגֶען
דַיין פָאלְק מִיט אַ גְרוֹיסֶע מַגֵּפָה,
אוּנְטֶער דַיינֶע זִיהְן אוּנְד דַיינֶע ווַייבֶּער,
אוּנְד אִין דַיין גַאנְץ פֶערְמֶעגֶען׃
15 אוּנְד דוּא וֶועסְט הָאבֶּען גְרוֹיסֶע
קְרַאנְקְהֵייטֶען, אַ קְרַאנְקְהֵייט אִין דַיינֶע
גֶעדֶערְם, בִּיז דַיינֶע גֶעדֶערֶעם וֶועלֶען
פוּן דִיר אַרוֹיסְגֵיין פוּן וֶועגֶען דִיא
קְרַאנְקְהֵייט פוּן טָאג צוּ טָאג׃
16 אוּנְד גָאט הָאט דֶערְוֶועקְט קֶעגֶען
יְהוֹרָם דֶעם גֵייסְט פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים
אוּנְד פוּן דִיא עַרְבִים וָואס זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען נָאהֶענְט פוּן דִיא כּוּשִׁים׃
17 אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
קֶעגֶען יְהוּדָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִין
זַייא אַרַיינְגֶעבְּרָאכֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעפַאנְגֶען גֶענוּמֶען דָאס גַאנְצֶע פֶערְ־
מֶעגֶען וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם
מֶלֶךְ'ס הוֹיז, אוּנְד אוֹיךְ זַיינֶע זִיהְן
אוּנְד זַיינֶע ווַייבֶּער, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אִיהְם קֵיין זִיהְן נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט נֵייעֶרְט

נָאר יְהוֹאָחָז זַיין קְלֵיינְסְטֶען זִיהְן׃
18 אוּנְד נָאכְדֶעם אַלֶעם הָאט אִיהְם
גָאט גֶעשְׁלָאגֶען אִין זַיינֶע גֶעדֶערְם
מִיט אַ קְרֶענְק וָואס קֶען נִיט גֶעהֵיילְט
ווערֶען׃
19 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן יָאהְר
צוּ יָאהְר, אַן דֶעם עֶנְד פוּן צְווֵייא
יָאהְר אַזוֹי זֶענֶען זַיינֶע גֶעדֶערֶם אַרוֹיס־
גֶעפַאלֶען פוּן וֶועגֶען זַיינֶע קְרַאנְקְהֵייט,
אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען דוּרְךְ זַיינֶע
שְׁלֶעכְטֶע קְרַאנְקְהֵייט, אוּנְד זַיין פָאלְק
הָאט נִיט אִיבֶּער אִיהְם גֶעמַאכְט קֵיינֶע
פֶערבְּרֶענוּנְג אַזוֹי וִויא דִיא פֶערבְּרֶענוּנְג
פַאר זַיינֶע עֶלְטֶערְן׃
20 עֶר אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען צְווֵייא אוּנְד
דְרֵייסִיג יָאהְר וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
צוּ רֶעגִירֶען, אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט
אַכְט יָאהְר אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶר אִיז
פֶערְגַאנְגֶען אָהְן גְלוּסְטוּנְג, אוּנְד מֶען
הָאט אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין דֶער שְׁטָאט
פוּן דָוִיד, אָבֶּער נִיט אִין דִיא קְבָרִים
פוּן דִיא מְלָכִים׃

## קאפיטעל כב

1 אוּנְד דִיא בֶּעווֹאוינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם
הָאבֶּען גֶעמַאכְט זַיין קְלֵיינְסְטֶען זוּהְן
אֲחַזְיָהוּ אַלְס קֶענִיג אִין זַיינֶער שְׁטֶעל,
וָוארִין דָאס חַיִל וָואס אִיז גֶעקוּמֶען
מִיט דִיא עַרְבִים צוּ דֶער מַחֲנֶה הָאבֶּען
דֶערשְׁלָאגֶען אַלֶע עֶרְשְׁטֶע, אוּנְד אַזוֹי
הָאט אֲחַזְיָהוּ זוּהְן פוּן יְהוֹרָם רֶעגִיעֶרְט
אַלְס מֶלֶךְ אִיבֶּער יְהוּדָה׃
2 אֲחַזְיָהוּ אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען צְווֵייא
אוּנְד פִירְצִיג יָאהְר וֶוען עֶר הָאט אָנְ־
גֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעגִירֶען, אוּנְד עֶר הָאט
רֶעגִיעֶרְט אֵיין יָאהְר אִין יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זַיינֶע מוּטֶער
אִיז גֶעוֶועזֶען עֲתַלְיָהוּ דִיא טָאכְטֶער פוּן
עָמְרִי׃
3 אוֹיךְ עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא
וֶועגֶען פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אַחְאָב,
וָוארִין זַיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען זַיין
עֵצָה גֶעבֶּער צוּם שְׁלֶעכְטֶען׃
4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס
אִיז שְׁלֶעכְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט,
אַזוֹי וִויא דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אַחְאָב,
וָוארִין זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זַיינֶע עֵצָה
גֶעבֶּערְס נָאךְ דֶעם טוֹיט פוּן זַיין פָאטֶער
כְּדֵי אִיהְם צוּ פֶערְדַארְבֶּען׃
5 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען אִין
זַיירֶע עֵצוֹת, אוּנְד עֶר אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען
מִיט יְהוֹרָם זוּהְן פוּן אַחְאָב מֶלֶךְ פוּן
יִשְׂרָאֵל צוּ דֶער מִלְחָמָה קֶעגֶען חֲזָאֵל
מֶלֶךְ פוּן אֲרָם אִין רָמוֹת גִלְעָד, אוּנְד
דִיא אֲרַמִים הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם
יוֹרָם׃
6 אוּנְד עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט כְּדֵי
גֶעהֵיילְט צוּ וֶוערֶען אִין יִזְרְעֶאל פוּן
וֶועגֶען דִיא וְואוּנְדֶען מִיט וָואס עֶר אִיז
גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען אִין רָמָה וֶוען עֶר
הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט חֲזָהאֵל
מֶלֶךְ פוּן אֲרָם, אוּנְד עֲזַרְיָהוּ זוּהְן פוּן
יְהוֹרָם מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה אִיז אַרוּפְּגֶע־
גַאנְגֶען צוּ זֶעהֶען דֶעם יְהוֹרָם זוּהְן פוּן
אַחְאָב, אִין יִזְרְעֶאל וָוארִין עֶר אִיז גֶע־
וֶועזֶען קְרַאנְק׃
7 אוּנְד דִיא צוּטְרֶעטוּנְג פוּן אֲחַזְיָהוּ
אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן גָאט אַז עֶר זָאל
קוּמֶען צוּ יוֹרָם, וָוארִין וֶוען עֶר אִיז
גֶעקוּמֶען אַזוֹי אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
מִיט יְהוֹרָם קֶעגֶען יֵהוּא זוּהְן פוּן נִמְשִׁי,
וֶועמֶען גָאט הָאט גֶעזַאלְבְּט כְּדֵי צוּ
פֶערְטִילְגֶען דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אַחְאָב׃
8 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וֶוען
יֵהוּא הָאט גֶעטְהוּן דָאס מִשְׁפָּט קֶעגֶען

דֶעם הויזְגֶעזִינְד פוּן אַחְאָב, אַזוֹי הָאט
עֶר גֶעפוּנֶען דִיא פִּירְשְׁטֶען פוּן יְהוּדָה
אוּנְד דִיא זִיהְן, דִיא בְּרִידֶער פוּן אֲחַזְיָהוּ,
וָואס הָאבֶּען בֶּערִינְט דֶעם אֲחַזְיָהוּ,
אוּנְד עֶר הָאט זַייא דֶערשְׁלָאגֶען׃
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזוּכְט אֲחַזְיָהוּ אוּנְד
עֶר הָאט אִיהְם בֶּעצְוָואוּנְגֶען, וָוארִין
עֶר אִיז בֶּעהַאלְטֶען גֶעוֶועזֶען אִין
שׁוֹמְרוֹן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּ־
בְּרַאכְט צוּ יֵהוּא, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם
גֶעטֵייט, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם בֶּעגְרָאבּ־
בֶּען, וָוארִין זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז
עֶר אִיז דֶער זוּהְן פוּן יְהוֹשָׁפָט וָואס
הָאט גָאט גֶעפָארְשְׁט מִיט זַיין גַאנְצֶען
הַארְץ, אוּנְד דָאס הויז פוּן אֲחַזְיָהוּ
הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיין כּוֹחַ אָנְצוּהַאלְ־
טֶען דִיא מְלוּכָה׃
10 אוּנְד וֶוען עֲתַלְיָהוּ דִיא מוּטֶער פוּן
אֲחַזְיָהוּ הָאט גֶעזֶעהֶען אַז אִיהְר זוּהְן
אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי אִיז זִיא אוֹיפְ־
גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט דֶערשְׁלָאגֶען אַלֶע
קֶענִיגְלִיכֶע קִינְדֶער פוּן דֶעם הויזְגֶעזִינְד
פוּן יְהוּדָה׃
11 אָבֶּער יְהוֹשַׁבְעַת, דֶעם קֶענִיג'ס
טָאכְטֶער הָאט גֶענוּמֶען דֶעם יוֹאָשׁ
זוּהְן פוּן אֲחַזְיָהוּ אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם
אַוֶועקְגֶעגַנְבְ'ת פוּן צְוִוישֶׁען דֶעם מֶלֶךְ'ס
קִינְדֶער וָואס זֶענֶען גֶעטֵייט גֶעוָוארֶען,
אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם אַרַיינְגֶעגֶעבֶּען
מִיט זַיינֶע אַנְגֶעזֵייגֶערְן אִין דֶער שְׁלָאף
קַאמֶער, אוּנְד אוֹיף אַזַא אֵיין אוֹפֶן
הָאט אִיהְם יְהוֹשַׁבְעַת דֶעם מֶלֶךְ'ס
טָאכְטֶער, דָאס ווַייבּ פוּן יְהוֹיָדָע הַכֹּהֵן
בֶּעהַאלְטֶען פַאר עֲתַלְיָהוּ, וָוארִין זִיא
אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא שְׁוֶועסְטֶער פוּן אֲחַזְיָהוּ,
אוּנְד אַזוֹי הָאט אִיהְם עֲתַלְיָהוּ נִיט
גֶעטֵייט׃
12 אוּנְד אַזוֹי אִיז עֶר מִיט זַייא בֶּעה־
הַאלְטֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם הויז פוּן
גָאט זֶעקְס יָאהְר, אוּנְד עֲתַלְיָהוּ הָאט
רֶעגִירֶערְט אִיבֶּער דֶעם לַאנְד׃

## קאפיטעל כג

1 אוּנְד אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען יָאהְר הָאט
זִיךְ יְהוֹיָדָע גֶעשְׁטַארְקְט, אוּנְד עֶר הָאט
גֶענוּמֶען אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אִיבֶּער הוּנְדֶערְ־
טֶע, דְהַיְינוּ, עֲזַרְיָה זוּהְן פוּן יְרוֹחָם,
אוּנְד יִשְׁמָעֵאל זוּהְן פוּן יְהוֹחָנָן, אוּנְד
עֲזַרְיָהוּ זוּהְן פוּן עוֹבֵד, אוּנְד מַעֲשֵׂיָהוּ
זוּהְן פוּן עֲדָיָה, אוּנְד אֱלִישָׁפָט זוּהְן
פוּן זִכְרִי, מִיט אִיהְם אִין דֶעם בְּרִית׃
2 אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין
יְהוּדָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען פֶערְזַאמֶעלְט
דִיא לְוִיִּם אוֹיס אַלֶע שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה,
אוּנְד דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת פוּן יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם׃
3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַ בְּרִית
מִיט דֶעם גַאנְצֶען קָהָל אִין דֶעם הויז
פוּן גָאט מִיט דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, זֶעהְט, דֶער
מֶלֶךְ'ס זוּהְן זָאל רֶעגִירֶען, אַזוֹי וִויא
גָאט הָאט גֶערֶעדט וֶועגֶען דִיא זִיהְן פוּן
דָוִיד׃
4 דָאס אִיז דִיא זַאךְ וָואס אִיהְר
זָאלְט טְהוּן, אַ דְרִיט חֵלֶק פוּן אַייךְ
זָאלֶען אַרַיינְקוּמֶען אַם שַׁבָּת, פוּן דִיא
כֹּהֲנִים אוּנְד פוּן דִיא לְוִיִּם זָאלֶען זַיין
טִיעֶר־הִיטֶערְס פוּן דֶער שְׁוֶועל׃
5 אוּנְד אַ דְרִיט חֵלֶק זָאל זַיין אִין
דֶעם מֶלֶךְ'ס הויז, אוּנְד אַ דְרִיט חֵלֶק
(זָאל הִיטֶען) אַן דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם
גְרוּנְד, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל
זַיין אִין דֶעם הוֹיף פוּן גָאט'ס הויז׃
6 אוּנְד אִיהְר זָאלְט קֵיינֶעם נִיט

לאָזען אַרײַנְקוּמֶען אִין גָאטְ'ס הויז,
נָאר דִיא כּוֹהֲנִים, אוּנְד דִיא מְשָׁרְתִים
וָואס זֶענֶען פוּן דִיא לְוִיִּם, זַייא זָאלֶען
אַרײַנְקוּמֶען, וָוארִין זַייא זֶענֶען הֵיילִיג,
אָבֶּער דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל הִיטֶען
דִיא הִיטוּנְג פוּן יְהוָֹה:
7 אוּנְד דִיא לְוִיִּם זָאלֶען אַרוּמְרִינְגְעלְן
דֶעם קֶענִיג, אִיטְלִיכֶער מִיט זַיין כְּלֵי
זַיין אִין זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד אִיטְלִיכֶער
אַנְדֶערֶער וָואס וֶועט אַרײַנְקוּמֶען אִין
דֶעם הויז זָאל גֶעטֵייטֶעט וֶוערֶען,
אָבֶּער אִיהְר זָאלְט זַיין מִיט דֶעם מֶלֶךְ
וֶוען עֶר קוּמְט אַרַיין אוּנְד וֶוען עֶר
גֵייט אַרוֹיס:
8 אוּנְד דִיא לְוִיִּם אוּנְד גַאנְץ יְהוּדָה
הָאבֶּען גֶעטְהוּן אַלֶעס אַזוֹי וִויא יְהוֹיָדָע
הַכּוֹהֵן הָאט גֶעבָּאטֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶער
הָאט גֶענוּמֶען זַיינֶע מֶענֶער מִיט דִיא
וָואס זָאלֶען אַרײַנְקוּמֶען אַם שַׁבָּת,
אוּנְד מִיט דִיא וָואס זָאלֶען אַרוֹיסְגֵיין
אַם שַׁבָּת, וָוארִין יְהוֹיָדָע הַכּוֹהֵן הָאט
נִיט אַוֶעקְגֶעלָאזְט דִיא אָפְּטֵיילוּנְגֶען
(פוּן דִיא מִשְׁמָרוֹת):
9 אוּנְד יְהוֹיָדָע הַכּוֹהֵן הָאט גֶעגֶעבֶּען
צוּ דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אִיבֶּער דִיא
הוּנְדֶערְטֶע דִיא שְׁפִּיזֶען אוּנְד דִיא
פַּאנְצֶערְן אוּנְד דִיא שְׁלָטִים וָואס הָאבֶּען
גֶעהֶערְט צוּ דָוִיד הַמֶּלֶךְ, וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אִין גָאטְ'ס הויז:
10 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק, אִיטְלִיכֶער מַאן הָאט
גֶעהַאלְטֶען זַיין שְׁוֶוערְט אִין זַיינֶע
הַאנְד, אִין דֶער זַייט פוּן דֶעם הויז,
פוּן דֶער רֶעכְטֶער זַייט פוּן דֶעם הויז
בִּיז צוּ דֶער לִינְקֶער זַייט, פַאר דֶעם
מִזְבֵּחַ אוּנְד פַאר דֶעם הויז, בֵּייא דֶעם
מֶלֶךְ רִינְגְס אַרוּם:

11 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט
דֶעם מֶלֶךְ'ס זִיהְן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אוֹיף אִיהְם גֶעגֶעבֶּען דִיא קְרוֹין, אוּנְד
דָאס צֵייגְנִיס, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעקְרוֹינְט, אוּנְד יְהוֹיָדָע הָאט אִיהְם
גֶעזַאלְבְּט מִיט זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, „דֶער מֶלֶךְ זָאל
לֶעבֶּען"!
12 אוּנְד וֶוען עֲתַלְיָהוּ הָאט גֶעהֶערְט
דָאס קוֹל פוּן דֶעם פָאלְק וָואס זֶענֶען
גֶעלָאפֶען, אוּנְד גֶעלוֹיבְּט דֶעם קֶענִיג,
אַזוֹי אִיז זִיא גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם פָאלְק
צוּ דֶעם הויז פוּן גָאט:
13 אוּנְד וֶוען זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם
מֶלֶךְ שְׁטֵיין אוֹיף זַיינֶע זַייל בֵּייא דֶעם
אַרײַנְקוּמֶען, אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע,
אוּנְד דִיא טְרָאמְפֵּייטֶערְס בֵּייא דֶעם
מֶלֶךְ, אוּנְד אַז דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן
דֶעם לַאנְד הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייט, אוּנְד
מֶען הָאט גֶעבְּלָאזֶען מִיט דִיא טְרָאמְ־
פֵּייטֶען, אוּנְד דִיא מְשׁוֹרְרִים הָאבֶּען
גֶעזוּנְגֶען אוּנְד גֶעשְׁפִּילְט, אוּנְד הָאבֶּען
בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט צוּ לוֹיבֶּען, אַזוֹי
הָאט עֲתַלְיָהוּ צוּרִיסֶען אִיהְרֶע קְלֵיידֶער,
אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז אַ
בּוּנְד פוּן מְרִידָה:
14 אוּנְד יְהוֹיָדָע הַכּוֹהֵן הָאט אַרוֹיסְ־
גֶעבְּרַאכְט דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אִיבֶּער דִיא
הוּנְדֶערְטֶע, דִיא בֶּעפֶעהְלֶערְס פוּן דֶעם
חַיִל, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט
בְּרֶענְגְט זִיא אַרוֹיס פוּן אִינֶעווייניג פוּן
דֶער אָנְרִיכְטוּנְג, אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס
גֵייט אִיהְר נָאךְ זָאל גֶעטֵייט וֶוערֶען
מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד, וָוארִין דֶער כּוֹהֵן
הָאט גֶעזָאגְט אִיהְר זָאלְט זִיא נִיט
טֵייטֶען אִין גָאט'ס הויז:
15 אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זַייעֶרֶע הֶענְד אַן

איהר

איהר געלייגט, אונד ווען זיא איז
אנגעקומען צו דעם אריינגיין פון דעם
פערד־טויער פון דעם מלך'ס הויז
אזוי האבען זייא זיא דארט געטייט׃
16 אונד יהוידע האט געמאכט א
ברית צווישען זיך אונד צווישען דעם
גאנצען פאלק אונד צווישען דעם מלך
אז זייא זאלען זיין א פאלק צו גאט׃
17 אונד דאס גאנצע פאלק איז אריינ־
געקומען צו דעם הויז פון בעל, אונד
זייא האבען עס אפגעבראכען אונד
זיינע מזבחות אונד זיינע צלמים
(בילדער) האבען זייא צובראכען, אונד
מתן דעם כהן פון בעל האבען זייא
דערשלאגען פאר די מזבחות׃
18 אונד יהוידע האט אנגעשטעלט
בעפעהלערס איבער דעם הויז פון
גאט, דורך די כהנים אונד די
לוים וואס דויד האט אפגעטיילט איבער
דעם הויז פון גאט, כדי אויפצוברענגען
די קרבן עולות פון גאט, אזוי וויא
עס שטייט געשריבען אין תורת משה,
מיט שמחה אונד געזאנג דורך דויד׃
19 אונד ער האט אנגעשטעלט די
טויער היטערס איבער גאט'ס הויז,
אז עס זאל קיין שום אומריינער אין
קיינערליי זאך אריינקומען׃
20 אונד ער האט גענומען די אויי־
בערשטע איבער די הונדערטע אונד
די שטארקע לייט, אונד די גע־
וועלטיגער איבער דעם פאלק, אונד
דאס גאנצע פאלק פון דעם לאנד,
אונד ער האט אראפגעבראכט דעם
קעניג פון גאט'ס הויז, אונד זייא זענען
אריינגעקומען דורך דעם אויבערשטען
טויער אין דעם מלך'ס הויז, אונד
זייא האבען געזעצט דעם מלך אויף
דעם קעניגליכען טראן־שטול׃
21 אונד דאס גאנצע פאלק פון דעם
לאנד האט זיך געפרייט, אונד די
שטאט איז געוועזען שטיל, נאכדעם
וויא זייא האבען די עתליהו געטייט
מיט דעם שווערד׃

## קאפיטעל כד

1 יואש איז אלט געוועזען זיבען יאהר
ווען ער האט אנגעהויבען צו רעגירען,
אונד ער האט רעגיערט פירציג יאהר
אין ירושלים, אונד דער נאמען פון
זיינע מוטער איז געוועזען צביה אויס
באר שבע׃
2 אונד יואש האט געטהון דאס וואס
איז רעכטפארטיג אין די אויגען פון
גאט אלע טעג פון יהוידע הכהן׃
3 אונד יהוידע האט פאר איהם גע־
נומען צוויי ווייבער, אונד ער האט
געוואונען זיהן אונד טעכטער׃
4 אונד עס איז געוועזען נאכדעם
אזוי איז עס געוועזען אין יואש'ס
הארץ צו דערנייערן גאט'ס הויז׃
5 אזוי האט ער פערזאמעלט די
כהנים אונד די לוים, אונד ער האט
צו זייא געזאגט, גייט ארויס אין די
שטעט פון יהודה, אונד זאמעלט איין
געלד פון גאנץ ישראל כדי צוצורעכט
צו מאכען דאס הויז פון אייער גאט,
פון יאהר צו יאהר, אונד איהר זאלט
אייך איילען אין דער זאך; אבער די
לוים האבען זיך ניט געאיילט׃
6 אונד דער מלך האט גערופען
יהוידע דעם אויבערשטען, אונד ער
האט צו איהם געזאגט, פארוואס האסט
דוא ניט פערלאנגט פון די לוים אז
זייא זאלען אריינברענגען פון יהודה
אונד ירושלים די גאבען וואס משה

דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט הָאט אוֹיפְגֶעלֵייגְט,
אוּנְד פוּן דֶעם קָהָל פוּן יִשְׂרָאֵל פַאר
דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶעם עֵדוּת ?
7 וָוארִין דִיא זִיהְן פוּן דֶער שְׁלֶעכְטֶע
עֲתַלְיָהוּ הָאבֶּען צוּבְּרָאכֶען דָאס הוֹיז
פוּן גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ אַלֶע
גֶעהֵיילִיגְטֶע זַאכֶען אַרֵיינְגֶעטְהוּן צוּ
דֶעם בַּעֲלִים :
8 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט גֶעזָאגְט אַז
מֶען זָאל מַאכֶען אַ קַאסְטֶען, אוּנְד מֶען
זָאל אִיהְם אַהִינְגֶעבֶּען בֵּייא דֶעם טוֹיעֶר
פוּן דֶעם הוֹיז פוּן גָאט אוֹיסֶעוֶוייניג :
9 אוּנְד מֶען הָאט גֶעלָאזְט אוֹיסְ־
רוּפֶען דוּרְךְ יְהוּדָה אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם,
אַז מֶען זָאל בְּרֶענְגֶען דִיא גָאבֶּען וָואס
מֹשֶׁה, דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט הָאט
אוֹיפְגֶעלֵייגְט אוֹיף יִשְׂרָאֵל אִין דֶער
מִדְבָּר :
10 אוּנְד אַלֶע פִירְשְׁטֶען אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְרֵייט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין דֶעם
קַאסְטֶען בִּיז זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט אֵיין
עֶנְד :
11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער
צֵייט וֶוען מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט דֶעם
קַאסְטֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ'ס בֶּעפֶעהְלֶערְס
דוּרְךְ דִיא לְוִיִם, אוּנְד וֶוען מֶען הָאט
גֶעזֶעהֶען אַז עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פִיל
גֶעלְד, אַזוֹי אִיז דֶעם מֶלֶךְ'ס שְׁרֵייבֶּער
גֶעקוּמֶען, אוּנְד דֶער בֶּעפֶעהְלֶער פוּן
דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען כּוֹהֵן, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אוֹיסְגֶעלֵיידִיגְט דֶעם קַאסְטֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעטְרָאגֶען
אוּנְד צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ זֵיין אָרְט,
אַזוֹי הָאט מֶען גֶעטְהוּן אַלֶע טָאג,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וָועהְר
פִיל גֶעלְד :
12 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אוּנְד יְהוֹיָדָע
הָאבֶּען עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא וָואס
הָאבֶּען גֶעטְהוּן דִיא אַרְבֵּייט פוּן דֶעם
דִינְסְט פוּן גָאטְ'ס הוֹיז, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעדוּנְגֶען הָאלְץ־הַאקֶערְס, אוּנְד
מֵייסְטֶערְס צוּ פֶערְנֵייעֶרְן דָאס הוֹיז
פוּן גָאט, אוּנְד אוֹיךְ מֵייסְטֶערְס פוּן
אֵייזֶערְנֶע אוּנְד קוּפֶּערְנֶע אַרְבֵּייט צוּ־
רֶעכְטצוּמַאכֶען גָאטְ'ס הוֹיז :
13 אוּנְד דִיא בַּעֲלֵי הַמְּלָאכוֹת הָאבֶּען
גֶעאַרְבֵּייט, אוּנְד דִיא אַרְבֵּייט אִיז
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד פַארְטִיג גֶעוָוארֶען
דוּרְךְ זֵייעֶרֶע הֶענְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גָאטְ'ס הוֹיז וִוידֶער אַהֶערְגֶעשְׁטֶעלְט
אוּנְד הָאבֶּען עֶס גֶעשְׁטַארְקְט :
14 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען עֶס פַארְטִיג
גֶעמַאכְט אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּרַאכְט
דָאס אִיבְּרִיגֶע גֶעלְד פָאר דֶעם קֶענִיג
אוּנְד יְהוֹיָדָע, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶערְ־
פוּן גֶעמַאכְט כֵּלִים פַאר גָאטְ'ס הוֹיז,
כֵּלִים צוּ דִינֶען (מִיט זֵייא) אוּנְד
מַקְרִיב צוּ זֵיין, אוּנְד לֶעפֶעלְן, אוּנְד
גָאלְדֶענֶע אוּנְד זִילְבֶּערְנֶע כֵּלִים, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען תָּמִיד מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען
קָרְבָּן עוֹלוֹת אִין גָאטְ'ס הוֹיז, אַלֶע
טֶעג פוּן יְהוֹיָדָע :
15 אוּנְד יְהוֹיָדָע אִיז אַלְט גֶעוָוארֶען
אוּנְד זַאט פוּן טֶעג, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען, עֶר אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען
הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר וֶוען עֶר
אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען :
16 אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען
אִין דֶער שְׁטָאט פוּן דָוִיד מִיט דִיא
מְלָכִים, וֵוייל עֶר הָאט גוּטֶעס גֶעטְהוּן
אִין יִשְׂרָאֵל, פַאר גָאט אוּנְד פַאר זֵיין
אֵיינֶען הוֹיזְגֶעזִינְד :

17 אוּנְד נָאכְדֶעם טוֹיט פוּן יְהוֹיָדָע
זֶענֶען דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן יְהוּדָה גֶעקוּ־
מֶען אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ
דֶעם קֶענִיג, דֶענְסְמָאל הָאט דֶער
קֶענִיג זַייא צוּגֶעהֶערְט:
18 אוּנְד זַייא הָאבֶּען פֶערְלָאזְט דָאס
הוֹיז פוּן יְהוָֹה דֶעם גָאט פוּן זַיירֶע
אָבוֹת, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעדִינְט דִיא
לִינְדֶען־בֵּיימֶער, אוּנְד דִיא גֶעצֶען,
אוּנְד דֶער צָארְן אִיז גֶעקוּמֶען אִיבֶּער
יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם וֶועגֶען דֶער
דָאזִיגֶער זַאךְ:
19 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט נְבִיאִים
צוּ זַייא, כְּדֵי זַייא צוּרִיקְצוּבְּרֶענְגֶען צוּ
גָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען קֶעגֶען זַייא
עֵדוּת גֶעזָאגְט, אָבֶּער זַייא הָאבֶּען עֶס
נִיט פֶערְנוּמֶען:
20 אוּנְד דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ פוּן גָאט
הָאט אָנְגֶעקְלֵייד דֶעם זְכַרְיָה זוּהְן פוּן
יְהוֹיָדָע הַכּוֹהֵן, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶע־
שְׁטֶעלְט אִיבֶּער דֶעם פָאלְק, אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאגְט גָאט,
פַארְוָואס זֶענְט אִיהְר עוֹבֵר דִיא מִצְוֹת
פוּן גָאט, אִיהְר וֶועט נִיט מַצְלִיחַ זַיין,
וַוייל אִיהְר הָאט פֶערְלָאזֶען גָאט אַזוֹי
וֶועט עֶר אֵייךְ (אוֹיךְ) פֶערְלָאזֶען:
21 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען זִיךְ קֶעגֶען
אִיהְם פֶערְבּוּנְדֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעשְׁטֵיינִיגְט מִיט שְׁטֵיינֶער, נָאךְ
דֶעם גֶעבָּאט פוּן דֶעם מֶלֶךְ אִין דֶעם
פוֹירְהוֹיף גָאטְ'ס פוּן הוֹיז:
22 אוּנְד יוֹאָשׁ הַמֶלֶךְ הָאט נִיט גֶע־
דַאכְט אִין דֶעם חֶסֶד וָואס זַיין פָאטֶער
יְהוֹיָדָע הָאט מִיט אִיהְם גֶעטְהוּן,
נֵייעֶרְט עֶר הָאט דֶערְשְׁלָאגֶען זַיין זוּהְן,
אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען הָאט
עֶר גֶעזָאגְט, גָאט זָאל עֶס אָנְזֶעהֶען,
אוּנְד עֶר זָאל עֶס פָארְשֶׁען:
23 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אַ
יָאהְר אַרוּם, אַזוֹי אִיז קֶעגֶען אִיהְם
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען דָאס חַיִל פוּן אֲרָם,
אוּנְד זַייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען נָאךְ יְהוּדָה
אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
פֶערְדָארְבֶּען אַלֶע פִירְשְׁטֶען פוּן דֶעם
פָאלְק, פוּן צְוִוישֶׁען דֶעם פָאלְק, אוּנְד
זַייעֶר גַאנְצֶען רוֹיב הָאבֶּען זַייא אַהִינְ־
גֶעשִׁיקְט צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן דַרְמֶשֶׂק:
24 וָוארִין מִיט וֶוענִיג לַייט אִיז דָאס
חַיִל פוּן אֲרָם אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד גָאט
הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ זֶעהְר גְרוֹיס חַיִל אִין
זַיירֶע הֶענְד, וַוייל זַייא הָאבֶּען פֶערְ־
לָאזֶען יְהוָֹה דֶעם גָאט פוּן זַיירֶע
אָבוֹת, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן
מִשְׁפָּטִים אָן יוֹאָשׁ:
25 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען פוּן אִיהְם
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, (וָוארִין זַייא הָאבֶּען
אִיהְם פֶערְלָאזֶען אִין אַ גְרוֹיסֶע קְרֶענְק)
אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ זַיינֶע אֵייגֶענֶע קְנֶעכְט
קֶעגֶען אִיהְם פֶערְבּוּנְדֶען, וֶועגֶען דֶעם
בְּלוּט פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוֹיָדָע
הַכּוֹהֵן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם דֶערְ־
שְׁלָאגֶען אוֹיף זַיין בֶּעט, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם
בֶּעגְרָאבֶּען אִין דֶער שְׁטָאט פוּן דָוִיד,
אָבֶּער אִין דִיא קֶענִיגְלִיכֶע קְבָרִים הָאט
מֶען אִיהְם נִיט בֶּעגְרָאבֶּען:
26 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
וָואס הָאבֶּען זִיךְ קֶעגֶען אִיהְם פֶערְ־
בּוּנְדֶען, זָבָד זוּהְן פוּן שִׁמְעַת אֵיינֶע
עַמוֹנִית, אוּנְד יְהוֹזָבָד זוּהְן פוּן שִׁמְרִית
אֵיינֶע מוֹאָבִית:
27 אוּנְד פוּן וֶועגֶען זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד
דִיא גְרוֹיסֶע לַאסְט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
אוֹיף אִיהְם, אוּנְד דֶער גְרוּנְד פוּן גָאטְ'ס

הויז, וָועה זֵייא זָענֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען
אויף דֶעם מִדְרָשׁ פוּן דֶעם סֵפֶר פוּן
דִיא מְלָכִים, אוּנְד אֲמַצְיָהוּ זֵיין זוּהְן
הָאט רֶעגִיעֲרְט אִין זֵיינֶער שְׁטָעל :

## קאפיטעל כה

1 אֲמַצְיָהוּ אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען פִינְף
אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר וָוען עֶר הָאט
אָנְגֶעהויבֶּען צוּ רֶעגִירֶען, אוּנְד עֶר הָאט
רֶעגִיעֲרְט נַיין אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר אִין
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זֵיינֶע
מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען יְהוֹעַדָּן אויס
יְרוּשָׁלַיִם :
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס
אִיז רֶעכְטפֶארְטִיג אִין דִיא אויגֶען פוּן
גָאט, דָאךְ נִיט מִיט אַ גַאנְץ הַארְץ :
3 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז וָוען
דָאס קֶענִיגְרֵייךְ הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם
גֶעשְׁטַארְקְט, דָאס עֶר הָאט דֶערשְׁלָאגֶען
זֵיינֶע קְנֶעכְט וָואס הָאבֶּען דֶערשְׁלָאגֶען
דֶעם מֶלֶךְ זֵיין פָאטֶער :
4 אָבֶּער זֵייעֶרֶע קִינְדֶער הָאט עֶר נִיט
גֶעטֵייט, וַוייל עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען
אִין דֶעם סֵפֶר תּוֹרַת מֹשֶׁה אַז גָאט
הָאט גֶעבָּאטֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דִיא
אָבוֹת זָאלֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען פַאר דִיא
קִינְדֶער, אוּנְד דִיא קִינְדֶער זָאלֶען נִיט
שְׁטַארְבֶּען פַאר דִיא אָבוֹת, נֵייעֶרְט
אִיטְלִיכֶער זָאל שְׁטַארְבֶּען פַאר זֵיינֶע
אֵייגֶענֶע זִינְד :
5 אוּנְד אֲמַצְיָהוּ הָאט פֶערְזַאמֶעלְט
יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט פוּן זֵייא אָנְ־
גֶעשְׁטֶעלְט אויבֶּערשְׁטֶע אִיבֶּער דִיא
טוֹיזֶענְדֶע אוּנְד אויבֶּערשְׁטֶע אִיבֶּער
הוּנְדֶערְטֶע פוּן דִיא בָּתֵּי הָאָבוֹת, אִיבֶּער
גַאנְץ יְהוּדָה אוּנְד בִּנְיָמִין, אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא גֶעצֵייֶלְט פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר
אָן אוּנְד דַארִיבֶּער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעפוּנֶען דְרַייא הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד
אויסְדֶערְוֶוייְלְטֶע וָואס קֶענֶען אַרויסְגֵיין
אִין דֶעם חַיִל אוּנְד וָואס קֶענֶען הַאלְטֶען
אַ שְׁפִּיז אוּנְד פַּאנְצֶער :
6 אוּנְד עֶר הָאט אויךְ גֶעדוּנְגֶען פוּן
יִשְׂרָאֵל אַ הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד שְׁטַארְקֶע
חַיִל'ס לֵייט, פַאר אַ הוּנְדֶערְט צֶענְטְנֶער
זִילְבֶּער :
7 אָבֶּער אַ גֶעטְלִיכֶער מַאן אִיז צוּ
אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
אוֹי דוּא מֶלֶךְ, לָאז נִיט דָאס חַיִל פוּן
יִשְׂרָאֵל מִיט דִיר גֵיין, וָוארִין גָאט אִיז
נִיט מִיט יִשְׂרָאֵל, דְהַיְינוּ מִיט גַאנְץ
אֶפְרָיִם :
8 אָבֶּער וָוען דוּא ווִילְסְט גֵיין אַזוֹי
גֵייא אַלֵיין, אוּנְד שְׁטַארְק דִיךְ צוּ דֶער
מִלְחָמָה, גָאט וֶועט דִיךְ מַאכֶען שְׁטְרוֹי־
כְלֶען פַאר דֶעם פֵיינְד, וָוארִין גָאט
הָאט כּוֹחַ צוּ הֶעלְפֶען אוּנְד שְׁטְרוֹיכֶעלְן
צוּ מַאכֶען :
9 אוּנְד אֲמַצְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דֶעם גֶעטְלִיכֶע, מַאן, אָבֶּער וָואס זָאל
מֶען טְהוּן וֶוענֶען דִיא הוּנְדֶערְט צֶענְט־
נֶער זִילְבֶּער וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען
צוּ דֶעם חַיִל פוּן יִשְׂרָאֵל ? אוּנְד דֶער
גֶעטְלִיכֶער מַאן הָאט גֶעזָאגְט, גָאט
הָאט אַ יְכוֹלֶת דִיר פִיל מֶעהְר צוּ
גֶעבֶּען וִויא דָאס דָאזִיגֶע :
10 אַזוֹי הָאט אֲמַצְיָהוּ אָפְּגֶעשֵׁייט פוּן
דֶעם חַיִל וָואס אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען
פוּן אֶפְרַיִם, כְּדֵי אַהֵיים צוּ גֵיין צוּ זֵייעֶר
אָרְט, דַארִיבֶּער הָאט זִיךְ זֵייעֶר צָארְן
זֶעהְר דֶערגְרִימְט אִיבֶּער יְהוּדָה, אוּנְד
זֵייא זָענֶען צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען צוּ זֵייעֶר
אָרְט מִיט אַ גְרִימְצָארְן :
11 אוּנְד אֲמַצְיָהוּ הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט,
אוּנְד עֶר הָאט זֵיין פָאלְק אַרויסְגֶעפִיהְרְט,

אונד

אוּנְד אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם זַאלְץ
טְהָאל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען פוּן
דִיא בְּנֵי שֵׂעִיר צֶעהְן טוֹיזֶענְד:
12 אוּנְד אַנְדֶערֶע צֶעהְן טוֹיזֶענְד לֶע־
בֶּעדִיגֶע הָאבֶּען דִיא בְּנֵי יְהוּדָה גֶע־
פַאנְגֶען גֶעבְּרֶענְגְט צוּ דֶער שְׁפִּיץ פוּן
דֶעם פֶעלְז, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא
אַרוּפְּגֶעוָוארְפֶען פוּן דֶער שְׁפִּיץ פוּן
דֶעם פֶעלְז, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַלֶע צוּ־
בְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען:
13 אָבֶּער דִיא מִלְחָמָה לֵייט וָואס
אֲמַצְיָהוּ הָאט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט אַז זֵייא
זָאלֶען נִיט מִיט אִיהְם גֵיין אִין דִיא
מִלְחָמָה הָאבֶּען זִיךְ פֶערְשְׁפְּרֵייט אִין
דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה אוּנְד שֹׁמְרוֹן
בִּיז נָאךְ בֵּית חוֹרוֹן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
פוּן זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען דְרֵייא טוֹיזֶענְד,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַ גְרוֹיסֶען רוֹיב גֶע־
רוֹיבְּט:
14 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאכְדֶעם
וֶוען אֲמַצְיָהוּ אִיז גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם
שְׁלָאגֶען דִיא אֲדוֹמִים, אַזוֹי הָאט עֶר
אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט דִיא אָפְּגֶעטֶער פוּן דִיא
בְּנֵי שֵׂעִיר, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אוֹיפְּ־
גֶעשְׁטֶעלְט אַז זֵייא זָאלֶען זַיין צוּ אִיהְם
פַאר גֶעטֶער, אוּנְד פַאר זֵייא הָאט עֶר
זִיךְ גֶעבִּיקְט אוּנְד צוּ זֵייא הָאט עֶר
גֶערֶעמְפְט:
15 דָארִיבֶּער הָאט דֶער צָארְן פוּן
גָאט דֶערְגְרִימְט אִיבֶּער אֲמַצְיָהוּ, אוּנְד
עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט אַ נָבִיא,
וָואס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַארְוָואס
הָאסְט דוּא גֶעפָארְשְׁט צוּ דִיא גֶעטֶער
פוּן דֶעם פָאלְק וָואס הָאט נִיט גֶע־
קֶענְט זֵייעֶר פָאלְק מַצִיל זַיין פוּן דֵיינֶע
הַאנְד?
16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען עֶר
הָאט מִיט אִיהְם אַזוֹי גֶערֶעדְט, דָאס
דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הָאט
מֶען דִיךְ גֶעמַאכְט פַאר דֶעם מֶלֶךְ'ס
עֵצָה גֶעבֶּער? הֶער אוֹיף, פַארְוָואס
זָאלְסְט דוּא גֶעשְׁלָאגֶען וֶוערֶען? אַזוֹי
הָאט דֶער נָבִיא אוֹיפְגֶעהֶערְט, אָבֶּער
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֵוייס אַז גָאט
הָאט גֶערָאטֶען דִיךְ צוּ פֶערְדַארְבֶּען
וַוייל דוּא הָאסְט דָאס דָאזִיגֶע גֶעטְהוּן,
אוּנְד דוּא הָאסְט נִיט גֶעהֶערְכְט צוּ
מֵיינֶע עֵצָה:
17 אוּנְד אֲמַצְיָהוּ מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה
הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט צוּ יוֹאָשׁ זוּהְן פוּן
יְהוֹאָחָז, זוּהְן פוּן יֵהוּא מֶלֶךְ פוּן
יִשְׂרָאֵל אַזוֹי צוּ זָאגֶען, קוּם דָאךְ לָאזֶען
מִיר אוּנְס זֶעהֶען פָּנִים אֶל פָּנִים:
18 אַזוֹי הָאט יוֹאָשׁ מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל
אַהִינְגֶעשִׁיקְט צוּ אֲמַצְיָהוּ מֶלֶךְ פוּן
יְהוּדָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער דָארְן וָואס
אִיז אִין לְבָנוֹן הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט צוּ
דֶעם טֶענֶענבּוֹים וָואס אִיז אִין לְבָנוֹן,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גִיבּ מִיר דֵיינֶע
טָאכְטֶער פַאר מֵיין זוּהְן פַאר אַ וַוייבּ,
אוּנְד אַ ווִילְדֶע חַיָּה אִיז אַרִיבֶּערְגֶע־
גַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם פֶעלְד פוּן לְבָנוֹן
אוּנְד הָאט צוּטְרֶעטֶען דֶעם דָארְן:
19 דוּא זָאגְסְט, זֶעה, דוּא הָאסְט
גֶעשְׁלָאגֶען אֱדוֹם, אוּנְד דֵיין הַארְץ אִיז
דֶערְהוֹיבֶּען דָאס דוּא בֶּערִיהְמְסְט דִיךְ,
אַצוּנְד, בְּלֵייבּ אִין דֶער הֵיים, פַארְוָואס
זָאלְסְט דוּא דִיךְ לָאזֶען אָנְרֵייצֶען צוּ
דֶעם שְׁלֶעכְטֶען, דָאס דוּא זָאלְסְט
פַאלֶען אוּנְד יְהוּדָה מִיט דִיר:
20 אָבֶּער אֲמַצְיָהוּ הָאט עֶס נִיט
גֶעוָואלְט הֶערֶען, וָוארִין דָאס אִיז
גֶעוֶועזֶען פוּן גָאט, כְּדֵי עֶר זָאל אִיבֶּערְ־
גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין דִיא הַאנְד (פוּן

דעם

דֶעם פֵיינְד), ווייל עֶר הָאט נָאכְגֶעגְ־
פָארְשְׁט צוּ דִיא אָפְּגֶעטֶער פוּן
אֱדוֹם׃
21 אַזוֹי אִיז יוֹאָשׁ מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ
גֶעזֶעהֶען פָּנִים אֶל פָּנִים, עֶר אוּנְד
אֲמַצְיָהוּ מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה, אִין בֵּית
שֶׁמֶשׁ וָואס אִיז אִין יְהוּדָה׃
22 אוּנְד יְהוּדָה אִיז גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוא־
רֶען פַאר יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיטְלִיכֶער אִיז
עַנְטְלָאפֶען צוּ זַיין גֶעצֶעלְט׃
23 אוּנְד דֶעם אֲמַצְיָהוּ מֶלֶךְ פוּן
יְהוּדָה, זוּהְן פוּן יוֹאָשׁ, זוּהְן פוּן
יְהוֹאָחָז, הָאט יוֹאָשׁ דֶער מֶלֶךְ פוּן
יִשְׂרָאֵל גֶעחַאפְּט אִין בֵּית שֶׁמֶשׁ, אוּנְד
הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד עֶר הָאט אָפְּגֶעבְּרָאכֶען דִיא
מוֹיעֶר פוּן יְרוּשָׁלַיִם, פוּן דֶעם טוֹיעֶר
אֶפְרַיִם בִּיז צוּ דֶעם עֶק טוֹיעֶר, פִיעֶר
הוּנְדֶערְט אֵיילֶען׃
24 אוּנְד עֶר הָאט אַוֶעקְגֶענוּמֶען דָאס
גַאנְצֶע גֶעלְד אוּנְד זִילְבֶּער, אוּנְד אַלֶע
כֵּלִים וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין
גָאטְ'ס הוֹיז בֵּייא עוֹבֵד אֱדוֹם, אוּנְד
דִיא אוֹצְרוֹת פוּן דֶעם מֶלֶךְ'ס הוֹיז,
אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן עֲרֵבוֹת, אוּנְד
עֶר הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ
שֹׁמְרוֹן׃
25 אוּנְד אֲמַצְיָהוּ זוּהְן פוּן יוֹאָשׁ מֶלֶךְ
פוּן יְהוּדָה הָאט גֶעלֶעבְּט נָאךְ דֶעם
טוֹיט פוּן יוֹאָשׁ זוּהְן פוּן יְהוֹאָחָז מֶלֶךְ
פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּפְצֶעהְן יָאהְר׃
26 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
אֲמַצְיָהוּ, דִיא עֶרְשְׁטֶע אוּנְד דִיא
לֶעצְטֶע, זֶענֶען זַייא דֶען נִיט אֵיינְגֶע־
שְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דִיא מְלָכִים
פוּן יְהוּדָה אוּנְד יִשְׂרָאֵל?
27 אוּנְד פוּן דֶער צֵייט וָוען אֲמַצְיָהוּ
הָאט זִיךְ אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן נָאכְצוּגֵיין
נָאךְ גָאט, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ קֶעגֶען
אִיהְם פֶערְבּוּנְדֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
עֶר אִיז עַנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען נָאךְ
לָכִישׁ, אָבֶּער זַייא הָאבֶּען אַהִינְגֶעשִׁיקְט
נָאךְ אִיהְם נָאךְ לָכִישׁ, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אִיהְם דָארְט גֶעטֵייט׃
28 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם (גֶעבְּרַאכְט)
גֶעטְרָאגֶען אוֹיף פֶערְד, אוּנְד מֶען הָאט
אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען בֵּייא זַיינֶע עֶלְטֶערְן
אִין דֶער שְׁטָאט פוּן יְהוּדָה׃

## קאפיטעל כו

1 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן יְהוּדָה
הָאבֶּען גֶענוּמֶען דֶעם עֻזִּיָּהוּ, וָואס אִיז
אַלְט גֶעוֶועזֶען זֶעכְצֶעהְן יָאהְר, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעמַאכְט אַלְס קֶענִיג
אִין דֶער שְׁטֶעל פוּן זַיין פָאטֶער
אֲמַצְיָהוּ׃
2 עֶר הָאט אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט אֵילוֹת אוּנְד
הָאט עֶס צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ יְהוּדָה,
נָאכְדֶעם וִויא דֶער מֶלֶךְ הָאט זִיךְ
גֶעלֵייגְט מִיט זַיינֶע עֶלְטֶערְן׃
3 עֻזִּיָּהוּ אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען זֶעכְצֶעהְן
יָאהְר וָוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
רֶעגִירֶען, אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט
צְוֵוייא אוּנְד פוּפְצִיג יָאהְר אִין יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זַיינֶע מוּטֶער
אִיז גֶעוֶועזֶען יְכָלְיָה, אוֹיס יְרוּשָׁלַיִם׃
4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס
אִיז רֶעכְטְפֶארְטִיג אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן
גָאט, נָאךְ אַלֶעם וָואס אֲמַצְיָהוּ זַיין
פָאטֶער הָאט גֶעטְהוּן׃
5 אוּנְד עֶר הָאט גָאט גֶעפָארְשְׁט אִין
דִיא טֶעג פוּן זְכַרְיָהוּ וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
פֶערשְׁטֶענְדִיג אִין דֶער זֶעהוּנְג (נְבוּאָה)
פוּן גָאט, אוּנְד אִין דִיא צֵייט וָואס עֶר

10 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מְנַשֶּׁה
אוּנְד צוּ זַיין פָאלְק, אָבֶּער זַייא הָאבֶּען
עֶס נִיט גֶעוָואלְט פֶערְנֶעמֶען ׃
11 אַזוֹי הָאט גָאט אִיבֶּער זַייא גֶע־
בְּרֶענְגְט דִיא אִיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם
חַיִל פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען מְנַשֶּׁה בֶּעצְוואוּנְגֶען מִיט
רִינְגֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעבּוּנְדֶען מִיט קֵייטֶען אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אִיהְם אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט נָאךְ
בָּבֶל ׃
12 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז אִיהְם עֶנְג גֶע־
וֶועזֶען אַזוֹי הָאט עֶר אָנְגֶעבֶּעטֶען דָאס
פָּנִים פוּן יְהוָֹה זַיין גָאט, אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ זֶעהְר אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט
פַאר דֶעם גָאט פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערְן ׃
13 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעבֶּעטֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ פוּן אִיהְם גֶעלָאזְט
דֶערְבֶּעטֶען, אוּנְד עֶר הָאט דֶערְהֶערְט
זַיין גֶעבֶּעט, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם
צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם צוּ זַיין
קֶענִיגְרַייךְ ; אוּנְד מְנַשֶּׁה הָאט דֶערְ־
קֶענְט אַז יְהוָֹה אִיז גָאט ׃
14 אוּנְד נָאכְדֶעם הָאט עֶר גֶעבּוֹיעֶט
דִיא אוֹיסֶעוֶוענִיגְסְטֶע מוֹיעֶר פוּן דֶער
שְׁטָאט פוּן דָוִיד אַן דֶער מַעֲרָב־זַייט
בֵּייא דֶעם טַייךְ גִיחוֹן, דְהַיְינוּ, אַזְוַואוּ
מֶען קוּמְט אַרַיין בֵּייא דֶעם פִּישׁ־טוֹיעֶר,
אוּנְד עֶר הָאט עֶס אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט
בֵּייא עוֹפֶל, אוּנְד עֶר הָאט זִיא זֶעהְר
הוֹיךְ גֶעמַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶע־
שְׁטֶעלְט אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם חַיִל אִין
אַלֶע פֶעסְטֶע שְׁטֶעט אִין יְהוּדָה ׃
15 אוּנְד עֶר הָאט אָפְּגֶעטְהוּן דִיא
פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, אוּנְד דֶעם גֶעצֶען
אוֹיס גָאט'ס הוֹיז, אוּנְד אַלֶע מִזְבְּחוֹת
וָואס עֶר הָאט גֶעבּוֹיעֶט אוֹיף דֶעם
בַּארְג פוּן גָאט'ס הוֹיז אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד עֶר הָאט זַייא אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען
אוֹיס דֶער שְׁטָאט ׃
16 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט דֶעם
מִזְבַּח פוּן גָאט, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיף
אִיהְם מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען דִיא קָרְבָּן
שְׁלָמִים אוּנְד תּוֹדָה, אוּנְד עֶר הָאט
יְהוּדָה בֶּעפוֹילֶען אַז זַייא זָאלֶען דִינֶען
יְהוָֹה דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל ׃
17 אָבֶּער דָאס פָאלְק הָאט נָאךְ
מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען אוֹיף דִיא בָּמוֹת,
אָבֶּער נָאר צוּ יְהוָֹה זֵייעֶר גָאט ׃
18 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
מְנַשֶּׁה, אוּנְד זַיין גֶעבֶּעט צוּ זַיין גָאט,
אוּנְד דִיא רֵייד פוּן דִיא נְבִיאִים וָואס
זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶערֶעט אִין דֶעם
נָאמֶען פוּן יְהוָֹה דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל,
זֶעה זַייא זֶענֶען (אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען) אִין
דִיא וֶוערְטֶער פוּן דִיא מְלָכִים פוּן
יִשְׂרָאֵל ׃
19 אוֹיךְ זַיין גֶעבֶּעט, אוּנְד וִויא גָאט
הָאט זִיךְ פוּן אִיהְם גֶעלָאזְט דֶערְבֶּעטֶען,
אוּנְד זַיינֶע גַאנְצֶע זִינְד אוּנְד אִיבֶּער־
טְרֶעטוּנְג, אוּנְד דִיא עֶרְטֶער אַזְוַואוּ עֶר
הָאט גֶעבּוֹיעֶט דִיא בָּמוֹת אִין זַייא,
אוּנְד וִויא עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא
לִינְדֶען־בֵּיימֶער אוּנְד דִיא גֶעצֶען־
בִּילְדֶער אֵיידֶער עֶר הָאט זִיךְ גֶע־
דֶעמִיטִיגְט, זֶעה זַייא זֶענֶען אֵיינְגֶע־
שְׁרִיבֶּען אִין דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם
נָבִיא ׃
20 אוּנְד מְנַשֶּׁה הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט
מִיט זַיינֶע פֶעטֶער, אוּנְד מֶען הָאט
אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין זַיין הוֹיז, אוּנְד
זַיין זוּהְן אָמוֹן הָאט רֶעגִירֶעט אִין
זַיינֶער שְׁטָעל ׃
21 אָמוֹן אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען צְווַייא

אוּנד

אוּנְד צְוַואַנְצִיג יָאהְר וֶוען עֶר הָאט
אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעגִירֶען, אוּנְד עֶר
הָאט רֶעגִיעֶרְט צְוַויא יָאהְר אִין
יְרוּשָׁלַיִם׃
22 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס
אִיז שְׁלֶעכְט גֶעוֶועזֶען אִין דִיא אוֹיגֶען
פוּן גָאט, אַזוֹי וִויא זַיין פָּאטֶער מְנַשֶּׁה,
וָוארִין צוּ אַלֶע גֶעצֶען־בִּילְדֶער וָואס
זַיין פָּאטֶער מְנַשֶּׁה הָאט גֶעמַאכְט הָאט
אָמוֹן מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען אוּנְד עֶר הָאט
זַייא גֶעדִינְט׃
23 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶערֶעמִי־
טִיגְט פַאר גָאט אַזוֹי וִויא מְנַשֶּׁה זַיין
פָּאטֶער, וָוארִין דֶער אָמוֹן הָאט נָאךְ
גֶעמֶעהְרְט דִיא שׁוּלְד׃
24 אוּנְד זַיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען זִיךְ
אִיבֶּער אִיהְם פֶערְבּוּנְדֶען, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעטֵייט אִין זַיין אֵייגֶען
הוֹיז׃
25 אוּנְד דָאס פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד
הָאבֶּען דֶערשְׁלָאגֶען אַלֶע דִיא וָואס
הָאבֶּען זִיךְ פֶערְבּוּנְדֶען קֶעגֶען דֶעם
אָמוֹן הַמֶּלֶךְ, אוּנְד דָאס פָאלְק פוּן
דֶעם לַאנְד הָאבֶּען גֶעמַאכְט דֶעם
יֹאשִׁיָהוּ זַיין זוּהְן קֶענִיג אִין זַיינֶער
שְׁטֶעל׃

קאפיטעל לד

1 יֹאשִׁיָהוּ אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען אַכְט
יָאהְר וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
רֶעגִירֶען, אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט אֵיין
אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר אִין יְרוּשָׁלַיִם׃
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס
אִיז רֶעכְטפַארְטִיג אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן
גָאט, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא
וֶועגֶען פוּן דָוִד זַיין פָּאטֶער, אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט צוּ דֶער
רֶעכְטֶער הַאנְד אָדֶער צוּ דֶער לִינְקֶער
הַאנְד׃
3 וָוארִין אִין דֶעם אַכְטֶען יָאהְר פוּן
זַיינֶע רֶעגִירוּנְג, וֶוען עֶר אִיז נָאךְ יוּנְג
גֶעוֶועזֶען, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
זוּכֶען דֶעם גָאט פוּן זַיין פָּאטֶער דָוִד,
אוּנְד אִין דֶעם צְוֶועלְפטֶען יָאהְר הָאט
עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֵיינִיגֶען יְהוּדָה
אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם פוּן דִיא בָּמוֹת אוּנְד דִיא
לִינְדֶען־בֵּיימֶער, אוּנְד פוּן דִיא גֶעצֶען־
בִּילְדֶער, אוּנְד גֶעגָאסֶענֶע בִּילְדֶער׃
4 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אָפְּגֶעבְּרָאכֶען
פַאר זַיין פָּנִים דִיא מִזְבְּחוֹת פוּן דִיא
בְּעָלִים, אוּנְד דִיא זוּן־בִּילְדֶער וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶער הוֹיךְ אִיבֶּער
זַייא הָאט עֶר אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען, אוּנְד דִיא
לִינְדֶען־בֵּיימֶער, אוּנְד דִיא גֶעצֶען־בִּילְ־
דֶער, אוּנְד דִיא גֶעגָאסֶענֶע בִּילְדֶער
הָאט עֶר צוּבְּרָאכֶען אוּנְד דִין צוּשְׁטוֹיסֶען,
אוּנְד הָאט זַייא צוּשְׁפְּרֵייט אוֹיף דִיא
קְבָרִים פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען צוּ זַייא
מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען׃
5 אוּנְד אַפִילוּ דִיא בֵּיינֶער פוּן (זַיירֶע)
כּוֹהֲנִים הָאט עֶר פֶערְבְּרֶענְט אוֹיף
זַיירֶע מִזְבְּחוֹת, אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר
גֶערֵיינִיגְט יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם׃
6 אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעטְהוּן
אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן מְנַשֶּׁה אוּנְד
אֶפְרַיִם, אוּנְד שִׁמְעוֹן אוּנְד בִּיז נַפְתָּלִי,
מִיט זַיירֶע פֶערְוִויסְטוּנְג רִינְגְס אַרוּם׃
7 אוּנְד עֶר הָאט צוּשְׁטוֹיסֶען דִיא
מִזְבְּחוֹת אוּנְד דִיא לִינְדֶען־בֵּיימֶער,
אוּנְד דִיא גֶעשְׁנִיצְטֶע בִּילְדֶער הָאט עֶר
צוּהַאקְט, אוּנְד דִין צוּשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד
אַלֶע זוּן־בִּילְדֶער הָאט עֶר אָפְּגֶעשְׁנִי־
טֶען אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם׃

8 אוּנְד אִין דֶעם אַכְצֶענְטֶען יָאהר פוּן זַיינֶע רֶעגִירוּנְג, וֶוען עֶר הָאט גֶערֵיינִיגְט דָאס לַאנְד אוּנְד דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ, הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט דֶעם שָׁפָן זוּהְן פוּן אֲצַלְיָהוּ, אוּנְד מַעֲשֵׂיָהוּ דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד יוֹאָח זוּהְן פוּן יוֹאָחָז דֶעם דֶערְמָאנֶער, צוּרֶעכְטצוּמַאכֶען דָאס הױז פוּן יְהֹוָה זַיין גָאט:

9 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ חִלְקִיָהוּ דֶעם כּוֹהֵן הַגָדוֹל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעגֶעבֶּען דָאס גֶעלְד וָואס מֶען הָאט אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין גָאטְ'ס הױז, וָואס דִיא לֵוִיִם וָואס הִיטֶען דִיא שְׁוֶועל הָאבֶּען גֶעזַאמֶעלְט פוּן דִיא הַאנְד פוּן מְנַשֶּׁה אוּנְד אֶפְרַיִם, אוּנְד פוּן אַלֶע אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד פוּן גַאנְץ יְהוּדָה אוּנְד בִּנְיָמִין, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם:

10 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען (דָאס גֶעלְד) אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא וָואס טְהוּן דִיא מְלָאכָה, אוּנְד וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֶּעפֶעהְלֶערְס אִין דֶעם הױז פוּן גָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת וָואס הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט אִין גָאטְ'ס הױז, צוּ פֶערִיכְטֶען אוּנְד צוּ שְׁטַארְקֶען דָאס הױז:

11 אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא מֵייסְטֶערְס, אוּנְד צוּ דִיא בּוֹיעֶרְס, דֶערְמִיט צוּ קוֹיפֶען גֶעהַאקְטֶע שְׁטֵיינֶער אוּנְד הָאלְץ צוּ בֶּעהֶעפְטֶען אוּנְד צוּ בֶּעבַּאלְקֶען דִיא הֵייזֶער וָואס דִיא מְלָכִים פוּן יְהוּדָה הָאבֶּען פֶערְדָארְבֶּען:

12 אוּנְד דִיא לֵייטֶע הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט מִיט טְרֵייהֵייט אִין דֶער מְלָאכָה, אוּנְד אִיבֶּער זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַלְס בֶּעפֶעהְלֶערְס יַחַת אוּנְד עוֹבַדְיָהוּ, דִיא לֵוִיִם פוּן דִיא בְּנֵי מְרָרִי, אוּנְד זְכַרְיָה, אוּנְד מְשֻׁלָּם פוּן דִיא בְּנֵי קְהָת, עֶס צוּ שְׁטַארְקֶען, אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע לֵוִיִם וָואס פֶערְשְׁטֵייעֶן צוּ שְׁפִּילֶען מִיט אַלֶערְלֵייא כְּלֵי זֶמֶר:

13 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דִיא לַאסְט טְרֶעגֶערְס, אוּנְד אוֹיפְזֶעהֶערְס פוּן אִיטְלִיכֶען וָואס הָאט גֶעטְהוּן דִיא מְלָאכָה אוּנְד פוּן אִיטְלִיכֶען דִינְסְט; אוּנְד פוּן דִיא לֵוִיִם זֶענֶען אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען סוֹפְרִים אוּנְד שׁוֹטְרִים אוּנְד טוֹיעֶר הִיטֶערְס:

14 אוּנְד וֶוען מֶען הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט דָאס גֶעלְד וָואס אִיז אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט גֶעוָוארֶען אִין גָאטְ'ס הױז אַזוֹי הָאט חִלְקִיָהוּ הַכּוֹהֵן גֶעפוּנֶען דָאס סֵפֶר תּוֹרָה פוּן גָאט דוּרְךְ מֹשֶׁה:

15 אוּנְד חִלְקִיָהוּ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט צוּ שָׁפָן הַסוֹפֵר, אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען דָאס סֵפֶר תּוֹרָה אִין גָאטְ'ס הױז, אוּנְד חִלְקִיָהוּ הָאט גֶעגֶעבֶּען דָאס סֵפֶר צוּ שָׁפָן:

16 אוּנְד שָׁפָן הָאט גֶעבְּרַאכְט דָאס סֵפֶר צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד עֶר הָאט נָאךְ אַמָאל דֶעם מֶלֶךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אַלֶעס וָואס אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אִין דִיא הַאנְד פוּן דֵיינֶע קְנֶעכְט דָאס טְהוּעֶן זַייא:

17 זַייא הָאבֶּען צוּזַאמֶען גֶענָאסֶען דָאס זִילְבֶּער וָואס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין גָאטְ'ס הױז, אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא בֶּעפֶעהְלֶערְס, אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא וָואס טְהוּעֶן דִיא מְלָאכָה:

18 אוּנְד שָׁפָן הַסוֹפֵר הָאט גֶעזָאגְט

צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אַזוי צוּ זָאגֶען, חִלְקִיָהוּ
הַכֹּהֵן הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען אַ סֵפֶר,
אוּנְד שָׁפָן הָאט גֶעלֵיינְט דֶערְפוּן פַאר
דֶעם מֶלֶךְ:
19 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז וֶוען
דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעהֶערְט דִיא וֶוערְטֶער
פוּן דִיא תּוֹרָה אַזוי הָאט עֶר צוּרִיסֶען
זַיינֶע קְלֵיידֶער:
20 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט בֶּעפוֹילֶען
דֶעם חִלְקִיָהוּ, אוּנְד אֲחִיקָם זוּהְן פוּן
שָׁפָן, אוּנְד עַבְדוֹן זוּהְן פוּן מִיכָה, אוּנְד
שָׁפָן הַסּוֹפֵר, אוּנְד עֲשָׂיָה דֶעם קְנֶעכְט
פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אַזוי צוּ זָאגֶען:
21 גֵייט אוּנְד פָארְשְׁט נָאט פוּן מֵייר־
גֶעטְוֶועגֶען אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֶער
אִיבֶּערבְּלֵייבוּנְג אִין יִשְׂרָאֵל אוּנְד יְהוּדָה,
פוּן וֶועגֶען דִיא רֵייד פוּן דֶעם סֵפֶר
וָואס אִיז גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען, וָוארִין
דֶער גְרִימְצָארְן פוּן נָאט אִיז גְרוֹיס
וָואס אִיז אִיבֶּער אוּנְס אוֹיסְגֶעגָאסֶען
גֶעוָוארֶען, ווייל אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן
הָאבֶּען נִיט גֶעהִיט דָאס וָוארְט פוּן
נָאט, כְּדֵי צוּ טְהוּן נָאךְ אַלֶעם וָואס
שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם דָאזִיגֶען
סֵפֶר:
22 אַזוי וֶועגֶען חִלְקִיָהוּ, אוּנְד דִיא
וָואס דֶער מֶלֶךְ הָאט בֶּעשְׁטִימְט אַהִינְ־
גֶעגַאנְגֶען צוּ חֻלְדָה דִיא נְבִיאָה, דָאס
ווייבּ פוּן שַׁלֻּם זוּהְן פוּן תָּקְהַת, זוּהְן
פוּן חַסְרָה וָואס הָאט גֶעהִיט דִיא
קְלֵיידֶער, (אוּנְד זִיא הָאט גֶעוָואוֹינְט
אִין יְרוּשָׁלַיִם אִין דֶער צְווייטֶער יְשׁוּבָה),
אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְר גֶערֶעט
נָאךְ דֶעם דָאזִיגֶען אוֹפָן:
23 אוּנְד זִיא הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
אַזוי זָאגְט יְהוָֹה דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל,
זָאגְט צוּ דֶעם מַאן וָואס הָאט אֵייךְ צוּ
מִיר גֶעשִׁיקְט:
24 אַזוי זָאגְט יְהוָֹה, זֶעהְט אִיךְ וֶועל
בְּרֶענְגֶען אַ בֵּייז אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען
אָרְט אוּנְד אִיבֶּער זַיינֶע בֶּעוָואוֹינֶערְס,
אַפִילוּ אַלֶע קְלָלוֹת וָואס זֶענֶען גֶעשְׁרִיי־
בֶּען אִין דֶעם סֵפֶר, וָואס מֶען הָאט
גֶעלֵיינְט פַאר דֶעם מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה:
25 ווייל זַייא הָאבֶּען מִיךְ פֶערְלָאזֶען,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערֵייכֶערְט צוּ פְרֶעמְ־
דֶע גֶעטֶער כְּדֵי מִיךְ צוּ דֶערְצָארְנֶען
מִיט אַלֶע מַעֲשִׂים פוּן זֵיירֶע הֶענְד,
דָארוּם הָאבּ אִיךְ אוֹיסְגֶעגָאסֶען מֵיין
צָארְן אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, אוּנְד
עֶס זָאל נִיט פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען:
26 אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֶעם מֶלֶךְ פוּן
יְהוּדָה וָואס הָאט אֵייךְ גֶעשִׁיקְט נָאט
צוּ זוּכֶען, אַזוי זָאלְט אִיהְר צוּ אִיהְם
זָאגֶען, אַזוי זָאגְט יְהוָֹה דֶער גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל, דִיא רֵייד וָואס דוּא הָאסְט
גֶעהֶערְט:
27 ווייל דֵיין הַארְץ אִיז ווייךְ גֶע־
וָוארֶען אוּנְד דוּא הָאסְט דִיךְ אוּנְטֶערְ־
טֶענִיג גֶעמַאכְט פַאר גָאט אִין דֶעם
דָאס דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט זַיינֶע רֵייד
וֶועגֶען דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט אוּנְד וֶועגֶען
זַיינֶע אֵיינְוואוֹינֶער, אוּנְד דוּא הָאסְט
דִיךְ אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט, אוּנְד
הָאסְט צוּרִיסֶען דֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד
דוּא הָאסְט פַאר מִיר גֶעוֵויינְט, אַזוי
הָאבּ אִיךְ דִיךְ אוֹיךְ דֶערְהֶערְט, זָאגְט
גָאט:
28 זֶעה, אִיךְ וֶועל דִיךְ אֵיינְזַאמֶעלְן
צוּ דֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד דוּא וֶועסְט
אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶוערֶען צוּ דֵיין קֶבֶר
בְּשָׁלוֹם, אָבֶּער דֵיינֶע אוֹיגֶען וֶועלֶען
נִיט זֶעהֶען אַלֶעם דָאס שְׁלֶעכְטֶע וָואס
אִיךְ וֶועל בְּרֶענְגֶען אִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען

אָרְט, אוּנְד אִיבֶּער זַיינֶע אֵיינְוואוינֶערְס,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען דֶעם מֶלֶךְ צוּרִיקְ־
גֶעבְּרַאכְט אֵיין עֶנְטְפֶער׃
29 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט
אוּנְד עֶר הָאט פֶערְזַאמֶעלְט אַלֶע עֶלְצְ־
טֶע פוּן יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם׃
30 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
צוּ גָאט'ס הויז, אוּנְד אִיטְלִיכֶער מַאן
פוּן יְהוּדָה, אוּנְד דִיא בֶּעוואוינֶערְס פוּן
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דִיא כּוֹהֲנִים אוּנְד דִיא
לְוִיִם, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן
גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
לֵיינְט אִין זֵיירֶע אוֹירֶען אַלֶע ווֶערְטֶער
פוּן דֶעם סֵפֶר הַבְּרִית וָואס אִיז גֶעפוּנֶען
גֶעוָוארֶען אִין גָאט'ס הויז׃
31 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען
אוֹיף זַיין בֶּעשְׁטַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט
כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען פַאר גָאט, נָאכְצוּ־
גֵיין גָאט אוּנְד צוּ הִיטֶען זַיינֶע מִצְוֹת,
אוּנְד זַיינֶע צֵייגְנִיסֶען, אוּנְד זַיינֶע
גֶעזֶעץ, מִיט זַיין גַאנְצֶען הַארְץ אוּנְד
מִיט זַיינֶער גַאנְצֶער זֶעעֶלֶע, צוּ טְהוּן
דִיא ווֶערְטֶער פוּן דֶעם בְּרִית וָואס
שְׁטֵייעֶן גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם דָאזִיגֶען
סֵפֶר׃
32 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַז אַלֶע
וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד
אִין בִּנְיָמִין זָאלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין, אוּנְד דִיא
בֶּעוואוינֶערְס פוּן יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען גֶע־
טְהוּן נָאךְ דֶעם בּוּנְד פוּן גָאט, דֶעם
גָאט פוּן זֵיירֶע עֶלְטֶערְן׃
33 אוּנְד יֹאשִׁיָהוּ הָאט אָפְּגֶעטְהוּן אַלֶע
אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייטֶען פוּן אַלֶע לֶענְדֶער
פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעמַאכְט אַז אַלֶע וָואס הָאבֶּען
זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין יִשְׂרָאֵל זָאלֶען דִינֶען
יְהוָֹה זֵייעֶר גָאט, אַלֶע זַיינֶע טֶעג הָאבֶּען
זַייא זִיךְ נִיט אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן נָאכְצוּ־
גֵיין יְהוָֹה דֶעם גָאט פוּן זֵיירֶע
פֶעטֶער׃

## קאפיטעל לה

1 אוּנְד יֹאשִׁיָהוּ הָאט גֶעהַאלְטֶען פֶּסַח
צוּ גָאט אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעשְׁאכְטֶען דָאס קָרְבָּן פֶּסַח אִין דֶעם
פִירְצֶענְטֶען טָאג פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען
חוֹדֶשׁ׃
2 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא
כּוֹהֲנִים אִין זֵיירֶע מִשְׁמָרוֹת, אוּנְד עֶר
הָאט זַייא גֶעשְׁטַארְקְט צוּ דֶעם דִינְסְט
פוּן גָאט'ס הויז׃
3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
לְוִיִם וָואס הָאבֶּען בֶּעלֶעהְרְט גַאנְץ
יִשְׂרָאֵל. וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען הֵיילִיג
צוּ גָאט, טְהוּט אַרֵיין דֶעם אָרוֹן הַקּוֹדֶשׁ
אִין דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ וָואס שְׁלֹמֹה
דֶער זוּהְן פוּן דָוִיד מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל
הָאט גֶעבּוֹיעֶט, עֶס זָאל נִיט זַיין אַ
מַשָּׂא אוֹיף אֵיירֶע אַקְסֶעלְן, אַצוּנְד דִינְט
יְהוָֹה אֵייעֶר גָאט, אוּנְד זַיין פָאלְק
יִשְׂרָאֵל׃
4 אוּנְד בְּרֵייט אֵייךְ אָן נָאךְ דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אֵיירֶע פֶעטֶער אִין
אֵיירֶע אָפְּטֵיילוּנְגֶען, נָאךְ דֶער שְׁרִיפְט
פוּן דָוִיד מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד נָאךְ
דֶער שְׁרִיפְט פוּן שְׁלֹמֹה זַיין זוּהְן׃
5 אוּנְד שְׁטֵייט אִין דֶעם הֵיילִיגְטוּם,
אִין דִיא אָפְּטֵיילוּנְגֶען נָאךְ דֶעם הוֹיז־
גֶעזִינְד פוּן דִיא אָבוֹת פַאר אֵיירֶע
בְּרִידֶער דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם פָאלְק,
אוּנְד נָאךְ דֶער אָפְּטֵיילוּנְג פוּן דֶעם
פֶעטֶערְלִיכֶען הויז פוּן דִיא לְוִיִם׃
6 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁאכְטֶען דָאס
קָרְבָּן פֶּסַח, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ
גֶעהֵיילִיגְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעבְּרֵייט

פאר זייערע ברידער, כדי צו טהון נאך דעם ווארט פון יהוה דורך משה:
7 אונד יאשיהו האט אפגעשייט פאר דיא קינדער פון דעם פאלק שאף אונד לעמער אונד יונגע ציגען, אלעס פאר דעם קרבן פסח, פאר אלע וואס האבען זיך פארגעפונען צו דער צאל פון דרייסיג טויזענד, אונד דרייא טויזענד רינדער, דיא דאזיגע זענען געוועזען פון דעם מלך׳ס פערמעגען:
8 אונד זיינע פירשטען האבען מנדב געוועזען צו דעם פאלק, צו דיא כוהנים אונד צו דיא לוים; חלקיה, אונד זכריהו, אונד יחיאל, דיא פירשטען פון גאט׳ס הויז, האבען געגעבען צו דיא כוהנים פאר קרבן פסחים צוויא טויזענד אונד זעקס הונדערט (שאף אונד ציגען), אונד דרייא הונדערט רינדער:
9 אונד כוננּיהו, אונד שמעיהו, אונד נתנאל זיינע ברידער, אונד חשביהו אונד יעיאל, אונד יוזבד דיא אויבער־שטע פון דיא לוים האבען אפגעשייד פאר דיא לוים צו קרבן פסחים פינף טויזענד (שאף אונד ציגען), אונד פינף הונדערט רינדער:
10 אונד דער דינסט איז געוועזען אנגעבּרייט, אונד דיא כוהנים זענען אנגעשטעלט געווארען אין זייער שטאנד, אונד דיא לוים אין זייערע אפטיילונגען נאך דעם געבאט פון דעם מלך:
11 אונד זייא האבען געמאכט דאס קרבן פסח, אונד דיא כוהנים האבען געשפּרענגט דאס בלוט פון זייערע הענד, אונד דיא לוים האבען אפגע־צויגען דיא פעל:
12 אונד זייא האבען אפּגעטהון דאס קרבן עולה, כדי עס צו געבען נאך דיא אפּטיילונגען פון איטליכען הויז־געזינד פון דיא פעטער פאר דיא קינדער פון דעם פאלק מקריב צו זיין צו גאט, אזוי וויא עס שטייט געשריבען אין דעם ספר פון משה, אונד אזוי אויך פאר דיא רינדער:
13 אונד זייא האבען געקאכט דאס קרבן פסח מיט פייער נאך דעם משפט, אבער דיא אנדערע הייליגע זאכען האבען זייא געקאכט אין טעפּ, אונד אין קעסעלן, אונד אין פאנען, אונד זייא האבען זייא געשווינד צעטיילט צווישען דיא קינדער פון דעם פאלק:
14 אונד דערנאך האבען זייא אנ־געבּרייט פאר זיך זעלבּסט אונד פאר דיא כוהנים, ווארין דיא כוהנים, דיא זיהן פון אהרן זענען זייא האבען אויפ־געבּראכט דאס קרבן עולה אונד דאס פעט ביז נאכט, אונד דיא לוים האבען פאר זיך אנגעבּרייט אונד פאר דיא כוהנים, דיא זיהן פון אהרן:
15 אונד דיא משוררים, דיא זיהן פון אסף, זענען געשטאנען אויף זייער שטעל נאך דעם געבאט פון דוד, אונד אסף, אונד הימן, אונד ידותון דער זעהער פון דעם מלך, אונד דיא טויער היטערס פון איטליכען טויער, זייא האבען זיך ניט געטארט אפּ־קעהרען פון זייער דינסט, ווארין זייערע ברידער דיא לוים האבען פאר זייא אנגעבּרייט:
16 אונד אזוי איז דער גאנצער דינסט פון גאט אנגעבּרייט געוועזען אין דעמזעלביגען טאג צו מאכען דאס

קָרְבַּן פֶּסַח, אוּנְד מַקְרִיב צוּ זַיין עוֹלוֹת
אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן גָאט נָאךְ דֶעם
גֶעבָּאט פוּן דֶעם מֶלֶךְ יאֹשִׁיָהוּ׃

17 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וָואס
זֶענֶען גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען (אִין יְרוּשָׁלַיִם),
הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען פֶּסַח אִין דֶערְזֶעלְ־
בִּיגֶער צַייט, אוּנְד דֶעם פֵייעֶרְטָאג פוּן
מַצוֹת זִיבֶּען טֶעג׃

18 אוּנְד אַזָאלְכֶער פֶּסַח אִיז נִיט גֶער־
הַאלְטֶען גֶעוָוארֶען אִין יִשְׂרָאֵל פוּן דִיא
טֶעג פוּן שְׁמוּאֵל הַנָּבִיא אָן, אוּנְד
קֵיינֶער פוּן דִיא מְלָכִים פוּן יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען נִיט גֶעמַאכְט אַ זָאלְכֶען פֶּסַח
וְוִיא יאֹשִׁיָהוּ, אוּנְד דִיא כּוֹהֲנִים אוּנְד
דִיא לְוִיִּם, אוּנְד גַאנְץ יְהוּדָה אוּנְד
יִשְׂרָאֵל וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען, אוּנְד
דִיא בֶּעוְואוֹינֶערְם פוּן יְרוּשָׁלַיִם׃

19 אִין דֶעם אַכְצֶענְטֶען יָאהְר פוּן דִיא
רֶעגִירוּנְג פוּן יאֹשִׁיָהוּ אִיז דֶער דָאזִיגֶער
פֶּסַח גֶעהַאלְטֶען גֶעוָוארֶען׃

20 נָאכְדֶעם דָאזִיגֶען אַלֶעס, וֶוען
יאֹשִׁיָהוּ הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט דָאס הוֹיז,
אַזוֹי אִיז נְכוֹ מֶלֶךְ פוּן מִצְרַיִם אַרוֹיפְ־
גֶעקוּמֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט
כַּרְכְּמִישׁ בֵּייא דֶעם טֵייךְ פְּרָת, אוּנְד
יאֹשִׁיָהוּ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִיהְם
עֶנְטְקֶעגֶען׃

21 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט
שְׁלוּחִים אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וָואס הָאב אִיךְ
מִיט דִיר צוּ טְהוּן, דוּא מֶלֶךְ פוּן
יְהוּדָה? אִיךְ קוּם נִיט הֵיינְט קֶעגֶען
דִיר, נֵייעֶרְט קֶעגֶען דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד
מִיט דֶעם אִיךְ הַאלְט מִלְחָמָה, וָוארִין
גָאט הָאט גֶעזָאגְט אַז עֶר זָאל מִיךְ
אֵיילִיג מַאכֶען, אַזוֹי פֶערְמֵייד דִיךְ פוּן
גָאט וָואס אִיז מִיט מִיר אַז עֶר זָאל
דִיךְ נִיט פֶערְדַארְבֶּען׃

22 אוּנְד יאֹשִׁיָהוּ הָאט נִיט אַוֶועקְ־
גֶעקֶעהְרְט זַיין פָּנִים פוּן אִיהְם, נֵייעֶרְט
עֶר הָאט זִיךְ פֶערְשְׁטֶעלְט כְּדֵי מִיט
אִיהְם מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, אוּנְד עֶר
הָאט נִיט גֶעהָארְכְט צוּ דִיא וֶוערְטֶער
פוּן נְכוֹ פוּן דֶעם מוֹיל פוּן גָאט, אוּנְד
עֶר אִיז גֶעקוּמֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען
אִין דֶעם טְהָאל מְגִדּוֹ׃

23 אוּנְד דִיא שִׁיסֶערְם הָאבֶּען גֶער־
שָׁאסֶען אוֹיף דֶעם קֶענִיג יאֹשִׁיָהוּ, אוּנְד
דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע
קְנֶעכְט, פִיהְרְט מִיךְ אַוֶועק וָוארִין אִיךְ
בִּין זֶעהְר פֶערְוְואוּנְדֶעט׃

24 אוּנְד זַיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען אִיהְם
אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט פוּן דֶעם רֵייטְוָואגֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעמַאכְט רֵייטְ־
טֶען אוֹיף זַיין צְוֵוייטֶען רֵייטְוָואגֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַהִינְגֶעפִיהְרְט
נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען
אוּנְד עֶר אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען אִין
דֶעם קֶבֶר פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד
גַאנְץ יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען
גֶעטְרוֹיעֶרְט וֶועגֶען יאֹשִׁיָהוּ׃

25 אוּנְד יִרְמְיָהוּ הָאט גֶעקְלָאגְט וֶוער־
גֶען יאֹשִׁיָהוּ, אוּנְד אַלֶע זִינְגֶערְס אוּנְד
זִינְגֶערִינְס הָאבֶּען גֶעזָאגְט אִין זֵייעֶרֶע
קְלָאג־לִידֶער וֶועגֶען יאֹשִׁיָהוּ בִּיז צוּ
דֶעם דָאזִיגֶען טָאג, אוּנְד מֶען הָאט
דָאס גֶעמַאכְט פַאר אַ גֶעזֶעץ אִין
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֶעה זֵייא זֶענֶען גֶער־
שְׁרִיבֶּען אִין דִיא קְלָאג־לִידֶער (קִינוֹת)׃

26 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
יאֹשִׁיָהוּ אוּנְד זַיינֶע חֲסָדִים אַזוֹי וְוִיא
עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער תּוֹרָה
פוּן גָאט׃

27 אוּנְד זַיינֶע עֶרְשְׁטֶע אוּנְד לֶעצְטֶע
זַאכֶען, זֶעה, זֵייא זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען

אין דעם ספר פון די קעניגע פון ישראל אונד יהודה:

קאפיטעל לו

1 אונד דאס פאלק פון דעם לאנד האבען גענומען דעם יהואחז זוהן פון יאשיהו אונד זיי האבען איהם געמאכט פאר א מלך אנשטאט זיין פאטער אין ירושלים:

2 יואחז איז אלט געוועזען דריי אונד צוואנציג יאהר ווען ער האט אנגעהויבען צו רעגירען, אונד ער האט רעגיערט דריי חדשים אין ירושלים:

3 אונד דער מלך פון מצרים האט איהם אפגעטהון אין ירושלים, אונד ער האט בעשטראפט דאס לאנד מיט הונדערט צענטנער זילבער, אונד א צענטנער גאלד:

4 אונד דער מלך פון מצרים האט געמאכט דעם אליקים זיין ברודער אלס קעניג איבער יהודה אונד ירושלים, אונד ער האט זיין נאמען געענדערט צו יהויקים, אונד דעם יואחז זיין ברודער האט נכו גענומען אונד ער האט איהם געבראכט נאך מצרים:

5 יהויקים איז אלט געוועזען פינף אונד צוואנציג יאהר ווען ער האט אנגעהויבען צו רעגירען, אונד ער האט רעגיערט עלף יאהר אין ירושלים, אונד ער האט געטהון שלעכטעס אין די אויגען פון יהוה זיין גאט:

6 קעגען איהם איז ארויפגעקומען נבוכדנאצר מלך פון בבל, אונד ער האט איהם געבונדען מיט קייטען, כדי איהם צו פיהרען נאך בבל:

7 אונד נבוכדנאצר האט אויך אוועקגעפיהרט פון די כלים פון גאט'ס הויז נאך בבל, אונד ער האט זיי אריינגעגעבען אין זיין היכל אין בבל:

8 אונד די איבעריגע זאכען פון יהויקים, אונד זיינע אומווערדיגע מעשים וואס ער האט געטהון, אונד דאס וואס איז אין איהם געפונען געווארען, ועה, זיי זענען איינגעשריבען אין דעם ספר פון די קעניגע פון ישראל אונד יהודה; אונד יהויכין זיין זוהן האט רעגיערט אנשטאט איהם:

9 יהויכין איז אלט געוועזען אכט יאהר ווען ער האט אנגעהויבען צו רעגירען, אונד ער האט רעגיערט דריי חדשים אונד צעהן טעג אין ירושלים, אונד ער האט געטהון שלעכטעס אין די אויגען פון גאט:

10 אונד צו דעם אומקעהרען פון דעם יאהר, האט דער מלך נבוכדנאצר אהינגעשיקט אונד האט איהם געלאזט ברענגען נאך בבל מיט אלע גלוסטיגע כלים פון גאט'ס הויז, אונד ער האט געמאכט זיין ברודער צדקיהו אלס קעניג איבער יהודה אונד ירושלים:

11 צדקיהו איז אלט געוועזען איין אונד צוואנציג יאהר ווען ער האט אנגעהויבען צו רעגירען, אונד ער האט רעגיערט עלף יאהר אין ירושלים:

12 אונד ער האט געטהון שלעכטעס אין די אויגען פון יהוה זיין גאט, ער האט זיך ניט געדעמיטיגט פאר ירמיהו הנביא נאך דעם בעפעהל פון גאט:

13 אונד ער האט אויך מורד געוועזען קעגען דעם מלך נבוכדנאצר וואס האט איהם בעשוואוירען ביי גאט,

אונד

אונד ער האט פערהארטעט זיין
נאקען, אונד געשטארקט זיין הארץ
פון צוריקצוקעהרען צו יהוה דעם גאט
פון ישראל׃
14 אויך אלע אויבערשטע כוהנים
אונד דאס פאלק, האבען געמעהרט
זיך צו פערזינדיגען נאך אלע אומ־
ווערדיגקייטען פון דיא גוים, אונד
זייא האבען פעראומרייניגט גאט'ס
הויז וואס ער האט געהייליגט אין
ירושלים׃
15 אונד יהוה דער גאט פון זייערע
פעטער האט צו זייא געשיקט דורך
דיא האנד פון זיינע שלוחים, אלע
פריה־מארגען האט ער געשיקט, ווארין
ער האט זיך דערבארמט איבער זיין
פאלק אונד איבער זיינע (הייליגע)
וואוינונג׃
16 אבער זייא האבען געשפעט
איבער דיא שלוחים פון גאט, אונד
זייא האבען פערשעמט זיינע (גאט'ס)
רייד, אונד זייא האבען שלעכט בע־
האנדעלט זיינע נביאים, ביז דער צארן
פון גאט איז ארויפגעגאנגען איבער
זיין פאלק, אז עס איז ניט מעהר
געוועזען קיינע היילונג׃
17 דארום האט ער ארויפגעבראכט
קעגען זייא דעם מלך פון דיא כשדים,
אונד ער האט דערשלאגען זייערע
אויסדערוויילטע מיט דעם שווערד
אין זייער אייגען בית המקדש, אונד
ער האט זיך ניט דערבארמט איבער
קיין בחור, אדער בתולה, איין אלטען
אדער א גאנץ אלטען, גייערט אלעם
האט ער איבערגעגעבען אין זיינער
האנד׃
18 אונד אלע כלים פון גאט'ס הויז,
דיא גרויסע אונד דיא קליינע, אונד
דיא אוצרות פון גאט'ס הויז, אונד
דיא אוצרות פון דעם מלך אונד זיינע
אויבערשטע, אלעס האט ער געבראכט
נאך בבל׃
19 אונד זייא האבען פערברענט
גאט'ס הויז, אונד זייא האבען אפגע־
בראכען דיא מויער פון ירושלים, אונד
אלע איהרע פאלאסטען האבען זייא
פערברענט מיט פייער, אונד אלע
איהרע גלוסטיגע כלים האבען זייא
אהינגעגעבען צום פערדארבען׃
20 אונד דיא וואס זענען איבערגע־
בליבען פון דעם שווערד האט ער
אוועקגעפיהרט נאך בבל, אונד זייא
זענען געווארען צו איהם אונד צו
זיינע זיהן פאר קנעכט ביז צו דער
רעגירונג פון מלכות פרס׃
21 כדי דאס ווארט פון גאט דורך
דעם מויל פון ירמיהו זאל דערפילט
ווערען, ביז דאס לאנד וועט האבען
בעוויליגט איהרע שבתים, ווארין אזוי
לאנג וויא עס איז געוועזען וויסט
האט עס גערוהט כדי צו דערפילען
זיבעציג יאהר׃
22 אונד אין דעם ערשטען יאהר פון
כורש, מלך פון פרס, כדי צו דער־
פילען דאס ווארט פון גאט דורך דעם
מויל פון ירמיהו, האט גאט דערוועקט
דעם גייסט פון כורש מלך פון פרס,
אונד ער האט געלאזט אויסרופען דורך
זיין גאנצען קעניגרייך, אונד אויך
דורך א געשריפט, אזוי צו זאגען׃
23 אזוי זאגט כורש דער מלך פון
פרס, אלע קעניגרייכע פון דער ערד
האט יהוה דער גאט פון דעם הימעל
צו מיר געגעבען, אונד ער האט מיר

בֶּעפוילֶען אַז אִיךְ זָאל פַאר אִיהְם
בּויעֶן אַ הויז אִין יְרוּשָׁלַיִם, וָואס אִיז
אִין יְהוּדָה, וֶוער אִיז דָא צְוִוישֶׁען אֵייךְ
פוּן זַיין גַאנְצֶען פָאלְק? יְהֹוָה זַיין
גָאט זָאל זַיין מִיט אִיהְם, אוּנְד לָאז
עֶר אַרויפְגֶעהְן:

# חזק ונתחזק המחוקק יחזק והקורא לא יוזק
# עד כֹּה ברכני יהוה.

---

אַלע פסוקים פֿון דברי הימים זענען איין טויזענד אונד זעכס הונדערט
אונד זעכס אונד פֿופֿציג; דיא העלפֿט דערפון איז דברי הימים א
כ"ז, כ"ה; אונד עס האט אים גאנצען פֿינף
אונד זעכציג קאפיטעלן:

---

## תם ונשלם שבח לאל בורא עולם:

אינהאלטס פֿערצייכעניס פֿון

# תורה נביאים וכתובים.

# הברית החדשה

# דאס נייע טעסטאמענט

פון

# דעם משיח

## אויפ'ס נייא ארויסגעגעבען אין יודיש

פון

## מרדכי שמואל בערגמאנן.



**НОЕ ТЕСТАМЕНТЪ, т. е. НОВЫЙ ЗАВѢТЪ.**

На разговорно-еврейскомъ языкѣ.



Составилъ М. Ш. БЕРГМАННЪ.

## אינהאלטס פערצייכעניס
## פון
# דעם ברית החדשה.

# דָאס הֵיילִיגֶע עֶוַואנְגֶעלִיוּם פוּן מַתְיָא

1 דָאס בּוּךְ פוּן דֶער גֶעבּוּרְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דֶער זוּהְן פוּן דָוִד, דֶער זוּהְן פוּן אַבְרָהָם׃

2 אַבְרָהָם הָאט גֶעבּוירֶען יִצְחָק אוּנְד יִצְחָק הָאט גֶעבּוירֶען יַעֲקֹב, אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעבּוירֶען יְהוּדָה אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער׃

3 אוּנְד יְהוּדָה הָאט גֶעבּוירֶען פֶּרֶץ אוּנְד זָרַח פוּן תָּמָר, אוּנְד פֶּרֶץ הָאט גֶעבּוירֶען חֶצְרוֹן, אוּנְד חֶצְרוֹן הָאט גֶעבּוירֶען רָם׃

4 אוּנְד רָם הָאט גֶעבּוירֶען עַמִּינָדָב, אוּנְד עַמִּינָדָב הָאט גֶעבּוירֶען נַחְשׁוֹן, אוּנְד נַחְשׁוֹן הָאט גֶעבּוירֶען שַׂלְמוֹן׃

5 אוּנְד שַׂלְמוֹן הָאט גֶעבּוירֶען בּוֹעַז פוּן רָחָב, אוּנְד בּוֹעַז הָאט גֶעבּוירֶען עוֹבֵד פוּן רוּת, אוּנְד עוֹבֵד הָאט גֶעבּוירֶען יִשָׁי׃

6 אוּנְד יִשַׁי הָאט גֶעבּוירֶען דָוִד הַמֶּלֶךְ, אוּנְד דָוִד הַמֶּלֶךְ הָאט גֶעבּוירֶען שְׁלֹמֹה פוּן אִיהְר וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וַוייבּ פוּן אוּרִיָּה׃

7 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעבּוירֶען רְחַבְעָם, אוּנְד רְחַבְעָם הָאט גֶעבּוירֶען אֲבִיָּה, אוּנְד אֲבִיָּה הָאט גֶעבּוירֶען אָסָא׃

8 אוּנְד אָסָא הָאט גֶעבּוירֶען יְהוֹשָׁפָט, אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעבּוירֶען יְהוֹרָם, אוּנְד יְהוֹרָם הָאט גֶעבּוירֶען עֻזִּיָּהוּ׃

9 אוּנְד עֻזִּיָּהוּ הָאט גֶעבּוירֶען יוֹתָם, אוּנְד יוֹתָם הָאט גֶעבּוירֶען אָחָז, אוּנְד אָחָז הָאט גֶעבּוירֶען חִזְקִיָּהוּ׃

10 אוּנְד חִזְקִיָּהוּ הָאט גֶעבּוירֶען מְנַשֶּׁה, אוּנְד מְנַשֶּׁה הָאט גֶעבּוירֶען אָמוֹן, אוּנְד אָמוֹן הָאט גֶעבּוירֶען יֹאשִׁיָּהוּ׃

11 אוּנְד יֹאשִׁיָּהוּ הָאט גֶעבּוירֶען יְכָנְיָהוּ אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער אִין דֶער צַייט פוּן גָלוּת בָּבֶל׃

12 אוּנְד נָאךְ גָלוּת בָּבֶל הָאט יְכָנְיָהוּ גֶעבּוירֶען שְׁאַלְתִּיאֵל, אוּנְד שְׁאַלְתִּיאֵל הָאט גֶעבּוירֶען זְרֻבָּבֶל׃

13 אוּנְד זְרֻבָּבֶל הָאט גֶעבּוירֶען אֲבִיהוּד, אוּנְד אֲבִיהוּד הָאט גֶעבּוירֶען אֶלְיָקִים, אוּנְד אֶלְיָקִים הָאט גֶעבּוירֶען עַזּוּר׃

14 אוּנְד עַזּוּר הָאט גֶעבּוירֶען צָדוֹק, אוּנְד צָדוֹק הָאט גֶעבּוירֶען יָכִין, אוּנְד יָכִין הָאט גֶעבּוירֶען אֱלִיהוּד׃

15 אוּנְד אֱלִיהוּד הָאט גֶעבּוירֶען אֶלְעָזָר, אוּנְד אֶלְעָזָר הָאט גֶעבּוירֶען מַתָּן, אוּנְד מַתָּן הָאט גֶעבּוירֶען יַעֲקֹב׃

16 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעבּוירֶען יוֹסֵף דֶער מַאן פוּן מִרְיָם, פוּן וֶועלְכֶער אִיז גֶעבּוירֶען יֵשׁוּעַ וָואס הֵייסְט מָשִׁיחַ׃

17 אוּנְד אַלֶע דוֹרוֹת פוּן אַבְרָהָם בִּיז דָוִד זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִירְצֶען דוֹרוֹת, אוּנְד פוּן דָוִד בִּיז גָלוּת בָּבֶל, פִירְצֶען דוֹרוֹת, אוּנְד פוּן גָלוּת בָּבֶל בִּיז מָשִׁיחַ, פִירְצֶען דוֹרוֹת׃

18 אוּנְד דִיא גֶעבּוּרְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז אַזוֹי גֶעוֶועזֶען, וֶוען זַיינֶע מוּטֶער מִרְיָם אִיז גֶעוֶועזֶען פֶערְלוֹיבְּט צוּ יוֹסֵף, אוּנְד אֵיידֶער זֵייא זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען, אִיז זִיא גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען מְעוּבֶּרֶת פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ׃

19 אָבֶּער אִיהְר מַאן יוֹסֵף וַואר אַיין צַדִּיק, אוּנְד הָאט זִיא נִיט גֶעוָואלְט עֶפֶּענְטְלִיךְ בֶּעשֶׁעהְמֶען, הָאט עֶר זִיךְ

גֶעדַאכְט זִיא שְׁטִילֶערְהֵייט אַוֶעק צוּ
שִׁיקֶען׃
20 אוּנְד וִויא עֶר הָאט זִיךְ דָאס אַזוֹי
אִיבֶּערלֵייגְט, זֶעה, הָאט זִיךְ דֶער מַלְאָךְ
פוּן גָאט צוּ אִיהְם בֶּעווִיזֶען אִין אַ
חָלוֹם, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, יוֹסֵף בֶּן
דָוִד, פָארכְט דִיךְ נִיט דֵיין וַוייבּ מִרְיָם
צוּ דִיר צוּ נֶעמֶען, וָוארִין דָאס וָואס
אִיז אִין אִיהְר עֶנְטְפַאנְגֶען אִיז פוּן דֶעם
רוּחַ הַקוֹדֶשׁ׃
21 אוּנְד זִיא וֶועט גֶעוִוינֶען אֵיין זוּהְן
אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵיין נָאמֶען רוּפֶען
יֵשׁוּעַ, וָוארִין עֶר וֶועט זֵיין פָאלְק
הֶעלְפֶען פוּן זֵיירֶע זִינְד׃
22 אוּנְד דָאס אַלֶעס אִיז גֶעשֶׁעהֶען,
כְּדֵי עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען וָואס אִיז
גֶעזָאגְט פוּן דֶעם הַאר גָאט דוּרְךְ דֶעם
נָבִיא, וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט׃
23 זֶעה, אֵיינֶע יוּנְגְפְרוֹי וֶועט שְׁוַואנְגֶער
וֶוערֶען, אוּנְד וֶועט גֶעוִוינֶען אֵיין זוּהְן,
אוּנְד מֶען וֶועט זֵיין נָאמֶען רוּפֶען
עִמָּנוּאֵל, וָואס אִיז אוֹיף יוּדִישׁ גָאט
מִיט אוּנְס׃
24 אוּנְד וֶוען יוֹסֵף אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
פוּן שְׁלָאף הָאט עֶר גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא
דֶער מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר גָאט הָאט
אִיהְם גֶעהֵייסֶען, אוּנְד עֶר הָאט זֵיין
וַוייבּ צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען׃
25 אוּנְד עֶר הָאט זִיא נִיט בֶּעשְׁלָאפֶען
בִּיז זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען אִיהְר עֶרְשְׁטֶען
זוּהְן, אוּנְד עֶר הָאט זֵיין נָאמֶען גֶער־
רוּפֶען יֵשׁוּעַ׃

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶער־
וָוארֶען אִין בֵּית לֶחֶם פוּן יְהוּדָה, אִין
דֶער צֵייט פוּן הוֹרְדוֹס הַמֶּלֶךְ, אַזוֹי
זֶענֶען גֶעקוּמֶען חֲכָמִים פוּן מִזְרַח נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט׃
2 וְואוּ אִיז דֶער וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען
גֶעוָוארֶען דֶער מֶלֶךְ פוּן דִיא יוּדֶען?
וָוארִין מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זֵיין שְׁטֶערְן
אִין מִזְרַח, אוּנְד מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען
אוּנְס צוּ אִיהְם צוּ בִּיקֶען׃
3 אוּנְד וֶוען הוֹרְדוֹס הַמֶּלֶךְ הָאט דָאס
גֶעהֶערְט, הָאט עֶר זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען,
אוּנְד גַאנְץ יְרוּשָׁלַיִם מִיט אִיהְם׃
4 אוּנְד עֶר הָאט פֶערזַאמֶעלְט אַלֶע
עֶלְצְטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד סוֹפְרִים פוּן דֶעם
פָאלְק, אוּנְד הָאט זֵייא גֶעפְרֶעגְט וְואוּ
דֶער מָשִׁיחַ זָאל גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען׃
5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אִין בֵּית לֶחֶם פוּן יְהוּדָה, וָוארִין עֶס
שְׁטֵייט אַזוֹי גֶעשְׁרִיבֶּען דוּרְךְ דֶעם
נָבִיא׃
6 אוּנְד דוּא בֵּית לֶחֶם, דָאס לַאנְד
פוּן יְהוּדָה, בִּיסְט נִיט דָאס קְלֵיינְסְטֶע
צְווִישֶׁען דִיא טוֹיזֶענְדֶע פוּן יְהוּדָה
וָוארִין פוּן דִיר וֶועט אַרוֹיסגֵיין אֵיין גֶע־
וֶועלְטִיגֶער, וָואס וֶועט הֶערְשֶׁען אִיבֶּער
מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל׃
7 נָאכְדֶעם הָאט הוֹרְדוֹס גֶערוּפֶען דִיא
חֲכָמִים שְׁטִילֶערְהֵייט, אוּנְד הָאט בֵּייא
זֵייא אוֹיסגֶעפָארְשְׁט דִיא צֵייט וֶוען דֶער
שְׁטֶערְן הָאט זִיךְ גֶעווִיזֶען׃
8 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעשִׁיקְט נָאךְ
בֵּית לֶחֶם, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, גֵייט
אוּנְד פָארְשְׁט גַאנְץ גוּט נָאךְ דֶעם קִינְד,
אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט אִיהְם גֶעפִינֶען,
בְּרֶענְגְט מִיר תְּשׁוּבָה, אַז אִיךְ זָאל אוֹיךְ
גֵיין מִיךְ צוּ אִיהְם צוּ בִּיקֶען׃
9 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען דֶעם מֶלֶךְ
אוֹיסגֶעהֶערְט, זֶענֶען זֵייא אַוֶועק גֶער־
גַאנְגֶען. אוּנְד זֶעה, דֶער שְׁטֶערְן וֶועלְ־
כֶען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אִין מִזְרַח,

אִיז פָאר זֵייא גֶעגַאנְגֶען, בִּיז עֶר אִיז גֶע־
קוּמֶען אוּנְד אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין אִיבֶּער
דֶעם אָרְט וְואוּ דָאס יוּנְגֶע קִינְד אִיז
גֶעוֶועזֶען׃
10 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
דֶעם שְׁטֶערְן, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ
גֶעפְרֵייט מִיט אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶע פְרֵייד׃
11 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען אִים הויז
אַרֵיין גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען זֵייא גֶעפוּנֶען
דָאס קִינְד מִיט זַיינֶע מוּטֶער מִרְיָם,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַנִידֶער גֶעפַאלֶען,
אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט.
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעמַאכְט זֵיירֶע
אוֹצָרוֹת אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט
גֶעשֶׁענְקֶע פוּן גָאלְד, וֵויירוֹיךְ אוּנְד
גֶעוִוירְץ׃
12 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוָוארְנְט גֶע־
וָוארֶען פוּן גָאט אִין אַ חָלוֹם, אַז זֵייא
זָאלֶען זִיךְ נִיט אוּם קֶערֶען צוּ הוֹרְדוֹס,
אַזוֹי זֶענֶען זֵייא צוּרִיק גֶעגַאנְגֶען צוּ
זֵייעֶר לַאנְד בֵּייא אֵיין אַנְדֶערֶען וֶועג׃
13 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען צוּרִיק גֶע־
גַאנְגֶען, זֶעה, הָאט זִיךְ אַ מַלְאָךְ פוּן
גָאט בֶּעווִיזֶען צוּ יוֹסֵף אִין חָלוֹם, אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד נֶעם
דָאס קִינְד אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד
עֶנְטְלוֹיף נָאךְ מִצְרַיִם, אוּנְד זֵייא דָארְטֶען
בִּיז אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען, וָוארֶען הוֹרְדוֹס
וֶועט דָאס קִינְד זוּכֶען כְּדֵי עֶר זָאל עֶס
אוּמְבְּרֶענְגֶען׃
14 אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
הָאט גֶענוּמֶען דָאס קִינְד אוּנְד זַיינֶע
מוּטֶער בֵּייא דֶער נַאכְט אוּנְד אִיז
אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען נָאךְ מִצְרַיִם׃
15 אוּנְד עֶר אִיז דָארְטֶען גֶעוֶועזֶען
בִּיז הוֹרְדוֹס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען. כְּדֵי עֶס
זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען, וָואס אִיז גֶעזָאגְט
פוּן דֶעם הַאר גָאט דוּרְךְ דֶעם נָבִיא,
וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פוּן מִצְרַיִם
הָאבּ אִיךְ גֶערוּפֶען מֵיין זוּהְן׃
16 וֶוען הוֹרְדוֹס הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס
עֶר וָואר אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט בֵּייא דִיא
חֲכָמִים, הָאט עֶר זִיךְ זֵייעֶר דֶערְצֶערְנְט,
אוּנְד הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאט
אוּמְגֶעבְּרַאכְט אַלֶע קִינְדֶער וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אִין בֵּית לֶחֶם אוּנְד אִין אַלֶע
אִיהְרֶע גְרֶענְצֶען, פוּן צְוֵוייא יָאהְר אוּנְד
דְרוּנְטֶער, נָאךְ דֶער צֵייט נָאךְ וָואס עֶר
הָאט אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט בֵּייא דִיא חֲכָמִים׃
17 אַזוֹי אִיז מְקוּיָם גֶעוָוארֶען וָואס
אִיז גֶעזָאגְט דוּרְךְ יִרְמְיָה הַנָּבִיא, וָואס
עֶר הָאט גֶעזָאגְט׃
18 אֵיין קוֹל אִיז גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען
אִין רָמָה, אֵיין קְלָאג אוּנְד גֶעוֵויין אוּנְד
גְרוֹיס בִּיטֶערְנִים, רָחֵל וֵויינְט אִיבֶּער
אִיהְרֶע קִינְדֶער, אוּנְד הָאט נִיט גֶעוָואלְט
גֶעטְרֵייסְט וֶוערֶען, וֵוייל זֵייא זֶענֶען
נִיט דָא׃
19 אוּנְד וֶוען הוֹרְדוֹס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
אַזוֹי הָאט זִיךְ אֵיין מַלְאָךְ פוּן גָאט
בֶּעווִיזֶען אִין אַ חָלוֹם צוּ יוֹסֵף אִין
מִצְרַיִם, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט׃
20 שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד נֶעם דָאס קִינְד
אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד גֵייא נָאךְ אֶרֶץ
יִשְׂרָאֵל. וָוארִין דִיא זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען
וָואס הָאבֶּען גֶעזוּכְט דָאס לֶעבֶּען פוּן
דֶעם קִינְד׃
21 אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
הָאט גֶענוּמֶען דָאס קִינְד אוּנְד זַיינֶע
מוּטֶער, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ אֶרֶץ
יִשְׂרָאֵל׃
22 אָבֶּער וֶוען עֶר הָאט גֶעהֶערְט אַז
אַרְקְלוֹס הָאט רֶעגִירְט אִין יְהוּדָה אַנְ־
שְׁטָאט זַיין פָאטֶער הוֹרְדוֹס, אַזוֹי הָאט

עֶר

עֶר מוֹרָא גֶעהַאט דָארְט אַהִין צוּ גֵיין.
אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעוָוארְנְט גֶעוָוארֶען
פוּן גָאט אִין אַ חָלוֹם, אִיז עֶר אַוֶועק גֶע־
גַאנְגֶען צוּ דֶער גֶעגֶענְד פוּן דֶעם לַאנְד
גָלִיל:
23 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט
גֶעוְואוֹינְט אִין אַ שְׁטָאט וָואס הֵייסְט
נְצָרֶת. כְּדֵי עֶס זָאל מְקוּיָּם וֶוערֶען
וָואס אִיז גֶעזָאגְט דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים,
דָאס עֶר וֶועט גֶערוּפֶען וֶוערֶען אֵיין
נָצְרִי:

## קַאפִּיטעל ג

1 צוּ דִיזֶער צֵייט אִיז יוֹחָנָן דֶער מְטַבֵּל
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין
דֶער מִדְבָּר פוּן יְהוּדָה:
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, טְהוּט
תְּשׁוּבָה, וָוארִין דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
דֶעם הִימֶעל אִיז נָאהֶענְט:
3 אוּנְד דָאס אִיז דֶער, פוּן וֶועלְכֶען
יְשַׁעְיָהוּ הַנָּבִיא הָאט גֶערֶעט, אוּנְד גֶע־
זָאגְט. אֵיין קוֹל שְׁרֵייט אִין דֶער מִדְבָּר
מַאכְט פֶערְטִיג דֶעם וֶועג פוּן דֶעם הַאר
גָאט, מַאכְט פֶערְטִיג זֵיינֶע שְׁטֶעגֶען:
4 אוּנְד יוֹחָנָן וַואר אָנְגֶעטְהוּן מִיט אַ
קְלֵייד פוּן קֶעמֶעל הָאר אוּנְד אֵיין
לֶעדֶערְנֶער גַארְטֶעל אַרוּם זֵיינֶע לֶענְדֶען,
אוּנְד זֵיינֶע שְׁפֵּייז אִיז גֶעוֶועזֶען הֵיישְׁרֶעק־
קֶען אוּנְד ווִילְדֶער הָאנִיג:
5 אַזוֹי זֶענֶען צוּ אִיהְם אַרוֹיס גֶעגַאנְ־
גֶען גַאנְץ יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד גַאנְץ יְהוּדָה,
אוּנְד אַלֶע לֶענְדֶער פוּן יַרְדֵּן:
6 אוּנְד זֵייא הָאבֶען זִיךְ גֶעלָאזְט בֵּייא
אִיהְם טוֹבֵל זֵיין אִים יַרְדֵּן, אוּנְד הָאבֶען
מִתְוַדֶּה גֶעוֶועזֶען זֵייעֶרֶע זִינְדֶען:
7 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס
פִילֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד צְדוּקִים
זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ זֵיין תְּבִילָה, אַזוֹי
הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט. אִיהְר קִינְדֶער
פוּן שְׁלַאנְגֶען וֶוער הָאט אֵייךְ גֶעוָוארְנְט
אַז אִיהְר זָאלְט עֶנְטְרִינֶען פוּן דֶעם
גְרִימְצָארְן וָואס וֶועט קוּמֶען:
8 דָארוּם בְּרֶענְגְט פְּרוּכְט אַזוֹי וִויא עֶס
גֶעהֶערְט צוּ זֵיין דוּרְךְ תְּשׁוּבָה טְהוּן:
9 אוּנְד דֶענְקְט נִיט אִין אֵייעֶר הַארְץ
צוּ זָאגֶען, מִיר הָאבֶען אַבְרָהָם פַאר
אוּנְזֶער פָאטֶער. וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ
אַז גָאט קֶען פוּן דִיזֶע שְׁטֵיינֶער אוֹיפ־
שְׁטֶעלֶען קִינְדֶער צוּ אַבְרָהָם:
10 אוּנְד דִיא הַאק לִיגְט שׁוֹין אוֹיף
דִיא וָוארְצֶעל פוּן דִיא בֵּיימֶער, דָארוּם
אִיטְלִיכֶער בוֹים וָואס טְרָאגְט נִיט גוּטֶע
פְּרוּכְט וֶועט אָבְגֶעשְׁנִיטֶען, אוּנְד אִין
פֵייעֶר אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען:
11 זֶעהְט, אִיךְ בִּין אֵייךְ טוֹבֵל מִיט
וַואסֶער תְּשׁוּבָה צוּ טְהוּן, אָבֶער דֶער
וָואס קוּמְט נָאךְ מִיר אִיז שְׁטַארְקֶער פוּן
מִיר, וָואס אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט זֵיינֶע
שִׁיךְ צוּטְרָאגֶען, עֶר וֶועט אֵייךְ טוֹבֵל
זֵיין מִיט דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ אוּנְד מִיט
פֵייעֶר:
12 עֶר הָאט זֵיינֶע ווִינְד־שׁוּיפֶעל אִין
דֶער הַאנְד אוּנְד עֶר וֶועט זֵיינֶע שֵׁייעֶר
גוּט אוֹיסְרֵיינִיגֶען, אוּנְד וֶועט דָאס קָארְן
זַאמְלֶען אִין זֵיינֶע שְׁפֵּייכְלֶער אַרֵיין,
אוּנְד דָאס שְׁטְרוֹי וֶועט עֶר פֶערבְּרֶענֶען
אִים פֵייעֶר וָואס וֶועט נִיט פֶערְלָאשֶׁען
וֶוערֶען:
13 צוּ דֶער צֵייט אִיז יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען
פוּן גָלִיל צוּם יַרְדֵּן צוּ יוֹחָנָן, אַז עֶר
זָאל זִיךְ בֵּייא אִיהְם לָאזֶען טוֹבֵל זֵיין:
14 אָבֶער יוֹחָנָן הָאט אִיהְם פֶערְוֶוערְט,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעדַארְף מִיךְ
לָאזֶען בֵּייא דִיר טוֹבֵל זֵיין, אוּנְד קוּמְסְט
דוּא צוּ מִיר?

15 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לָאז עֶס יֶעצְט אַזוֹי זַיין, וָוארִין עֶס גֶעבִּירְט אוּנְס אַלֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ דֶערְפִילֶען, אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְם גֶעלָאזְט:

16 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ טוֹבֵל גֶעוֶועזֶען אִיז עֶר בַּאלְד אוֹיס דֶעם וַואסֶער אַרוֹיס גֶעקוּמֶען; אוּנְד נוּן הָאט זִיךְ דֶער הִימֶעל אִיבֶּער אִיהְם אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם גֵייסְט פוּן דֶעם הַאר גָאט אַרוּנְטֶער קוּמֶען גְלַייךְ וִויא אַ טוֹיבּ, אוּנְד אִיז אוֹיף אִיהְם גֶעקוּמֶען:

17 אוּנְד זֶעה, אַיין קוֹל פוּן הִימֶעל הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז מַיין גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן, אִין וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ וְואוֹילְגֶעפַאלֶען:

## קאפיטאל ד

1 דַאמָאלְס אִיז יֵשׁוּעַ גֶעפִיהְרְט גֶעוָוארֶען דוּרךְ דֶעם רוּחַ אִין דֶער מִדְבָּר אַרַיין, כְּדֵי פוּן דֶעם שָׂטָן גֶעפְּרִיפְט צוּ וֶוערֶען:

2 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעפַאסְט פֶערְצִיג טֶעג אוּנְד פֶערְצִיג נֶעכְט, אִיז עֶר דֶערְנָאךְ הוּנְגְרִיג גֶעוָוארֶען:

3 אוּנְד דֶער פְּרִיפֶער אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא בִּיזְט דֶער זוּהְן פוּן גָאט, בֶּעפֶעהל אַז דִיזֶע שְׁטֵיינֶער זָאלֶען וֶוערֶען בְּרוֹיט:

4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, דֶער מֶענְשׁ זָאל נִיט לֶעבֶּען פוּן בְּרוֹיט אַלַיין, נֵייעֶרְט פוּן אִיטְלִיכֶען וָוארְט וָואס גֵייט אַרוֹיס פוּן דֶעם מוֹיל פוּן גָאט:

5 נָאכְדֶעם הָאט אִיהְם דֶער שָׂטָן גֶענוּמֶען צוּ דֶער הֵיילִיגֶער שְׁטָאט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ:

6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא בִּיזְט דֶער זוּהְן פוּן גָאט אַזוֹי וַוארְף דִיךְ אַרוּנְטֶער. וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, דָאס עֶר וֶועט זַיינֶע מַלְאָכִים וֶוענֶען דִיר בֶּעפֶעהְלֶען אוּנְד זַייא וֶועלֶען דִיךְ אוֹיף דִיא הֶענְד טְרָאגֶען, אַז דוּא זָאלְסט נִיט דֵיין פוּס אָנְשְׁטוֹיסֶען אָן אַ שְׁטֵיין:

7 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, עֶס שְׁטֵייט אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען דוּא זָאלְסְט נִיט פְּרוּפֶען יְהוָֹה דֵיין גָאט:

8 אוּנְד דֶער שָׂטָן הָאט אִיהְם וִוידֶער אַרוֹיפְגֶענוּמֶען אוֹיף אַ הוֹיכֶען בַּארְג, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעוִויזֶען אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶע פוּן דֶער וֶועלְט, אוּנְד דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן זַייא:

9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דָאס אַלֶעס וֶועל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען, וֶוען דוּא וֶועסְט אַנִידֶער פַאלֶען, אוּנְד וֶועסְט דִיךְ צוּ מִיר בִּיקֶען:

10 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא אַוֶועק פוּן מִיר, דוּא שָׂטָן. וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען; דוּא זָאלְסְט דִיךְ בִּיקֶען צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אוּנְד אִיהְם אַלֵיין זָאלְסְט דוּא דִינֶען:

11 דָא הָאט אִיהְם דֶער שָׂטָן פֶערְלָאזְט אוּנְד זֶעה, מַלְאָכִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם בֶּעדִינְט:

12 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעהֶערְט דָאס יוֹחָנָן אִיז אִיבֶּערגֶעלִיפֶערְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי אִיז עֶר אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען נָאךְ גָלִיל:

13 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְלָאזְט נְצָרֶת, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין כְּפַר־נַחוּם וָואס אִיז בֵּיים בָּארְטֶען פוּן יַם, אִין דִיא גֶעגֶענְד פוּן זְבֻלוּן אוּנְד נַפְתָּלִי:



כדי

14 כְּדֵי עֶס זָאל מְקוּיָם װֶערֶען װָאס
אִיז גֶעזָאגְט דוּרְךְ יְשַׁעְיָה הַנָבִיא, װָאס
הָאט גֶעזָאגְט, דָאס לַאנְד זְבֻלוּן אוּנְד
דָאס לַאנְד נַפְתָּלִי, דֶער װֶעג פוּן יַם,
אוֹיף יֶענֶער זַייט פוּן יַרְדֵן, דאס גָלִיל
פוּן דִיא גוֹיִם:
15 דָאס פָאלְק װָאס זִיצְט אִין דִיא
פִינְסְטֶערְנִיס הָאט גֶעזֶעהֶען אַ גְרוֹיס
לִיכְט. דִיא װָאס זִיצֶען אִין אֵיין לַאנְד
אוּנְד שָׁאטֶען פוּן טוֹיט, אוֹיף זֵייא דאס
אֵיין לִיכְט גֶעשַׁיינְט:
16 פוּן דֶער צַייט אָן הָאט יֵשׁוּעַ
אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פְּרֶעדִיגֶען אוּנְד צוּ
זָאגֶען, טְהוּט תְּשׁוּבָה, װָארִין דָאס
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל אִיז נָאהֶענְט:
17 אוּנְד װֶען יֵשׁוּעַ אִיז אַרוּים גֶע־
גַאנְגֶען בֵּיים יַם פוּן גָלִיל הָאט עֶר
גֶעזֶעהֶען צְװֵייא בְּרִידֶער, שִׁמְעוֹן װָאס
װֶערְט גֶערוּפֶען פֶּעטְרוּס, אוּנְד אַנְדְרֵיעַ
זַיין בְּרוּדֶער, װָאס הָאבֶּען גֶעװָארְפֶען
אֵיין נֶעץ אִין יַם אַרֵיין, װָארִין זֵייא
זֶענֶען גֶעװֶעזֶען פִישֶׁערְס:
18 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
פָאלְגְט מִיר נָאךְ אוּנְד אִיךְ װֶעל אֵייךְ
מַאכֶען צוּ פִישֶׁערְס פוּן מֶענְשֶׁען:
19 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בַּאלְד זֵיירֶע נֶעצֶען
פֶערְלָאזֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם נָאכְ־
גֶעפָאלְגְט:
20 אוּנְד װֶען עֶר אִיז פוּן דָארְט
װֵייטֶער גֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען
צְװֵייא אַנְדֶערֶע בְּרִידֶער, יַעֲקֹב, דֶער
זוּהְן פוּן זַבְדִי, אוּנְד זַיין בְּרוּדֶער
יוֹחָנָן, אִין אֵיין שִׁיף מִיט זֵייעֶר פָאטֶער
זַבְדִי, װָאס הָאבֶּען צוּרֶעכְט גֶעמַאכְט
זֵיירֶע נֶעצֶען. אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
גֶערוּפֶען:
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בַּאלְד פֶערְלָאזֶען
דָאס שִׁיף אוּנְד זֵייעֶר פָאטֶער, אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט:
22 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַרוּם גֶעגַאנְגֶען אִין
גַאנְץ גָלִיל, אוּנְד הָאט גֶעלֶערְנְט אִין
זֵיירֶע שׁוּהְלֶען, אוּנְד הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט
דָאס עֶװַאנְגֶעלִיוּם פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ,
אוּנְד הָאט גֶעהֵיילְט אַלֶערְלֵייא קְרַאנְקְ־
הֵייט אוּנְד שְׁמֶערְצֶען אוּנְטֶער דֶעם
פָאלְק:
23 אוּנְד זַיין נָאמֶען אִיז אוֹיסגֶעגַאנְגֶען
אִין גַאנְץ סוּרְיָא. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אַלֶערְלֵייא קְרַאנְקֶע,
אוּנְד דִיא װָאס זֶענֶען גֶעפְּלָאגְט גֶעװֶעזֶען
מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע קְרֶענְק אוּנְד שְׁמֶערְ־
צֶען, אוּנְד װָאס הָאבֶּען גֶעהַאט שֵׁדִים,
אוּנְד דִיא מְשֻׁגָעְנֶע אוּנְד גִיכְטבְּרִיכִיגֶע,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעהֵיילְט:
24 אוּנְד פִיל פָאלְק אִיז אִיהְם נָאכְ־
גֶעגַאנְגֶען פוּן גָלִיל אוּנְד פוּן דֶעקַאפָּלִיס,
אוּנְד פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד פוּן יְהוּדָה,
אוּנְד פוּן יֶענֶער זַייט יַרְדֵן:

קאפיטעל ה

1 אוּנְד װֶען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס
פָאלְק אִיז עֶר אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אוֹיף
דֶעם בַּארְג, אוּנְד הָאט זִיךְ אַנִידֶער
גֶעזֶעצְט, אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען צוּ
אִיהְם גֶעקוּמֶען:
2 אוּנְד עֶר הָאט זַיין מוֹיל אוֹיפְגֶע־
מַאכְט אוּנְד הָאט זֵייא גֶעלֶערְנְט אוּנְד
גֶעזָאגְט:
3 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא װָאס הָאבֶּען
אֵיין נִידֶערִיג גֶעמִיט, װָארִין דָאס קֶענִיגְ־
רֵייךְ פוּן הִימֶעל אִיז זֵייעֶרְס:
4 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא װָאס טְרוֹיעֶרְן,
װָארִין זֵייא װֶעלֶען גֶעטְרֵייסְט װֶערֶען:
5 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא זַאנְפְטְמִיטִיגֶען
װָארִין זֵייא װֶעלֶען דִיא עֶרְד עֶרְבֶּען:

6 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס הוּנְגֶערְן
אוּנְד דָארְשְׁטֶען נָאךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט,
וָוארִין זֵייא וֶועלֶען גֶעזֶעטִיגְט וֶוערֶען:
7 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא בַּארְמְהֶערְ־
צִיגֶען, וָוארִין זֵייא וֶועלֶען בַּארְמְהֶערְ־
צִיגְקֵייט דֶערְלַאנְגֶען:
8 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס הָאבֶּען
אַ רֵיין הַארְץ, וָוארִין זֵייא וֶועלֶען זֶעהֶען
גָאט:
9 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס מַאכֶען
שָׁלוֹם, וָוארִין זֵייא וֶועלֶען גֶערוּפֶען
וֶוערֶען דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט:
10 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס וֶוערֶען
גֶעיָאגְט (פֶערְפָאלְגְט) פוּן גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט וֶועגֶען, וָוארִין דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
הִימֶעל אִיז זֵייעֶרְס:
11 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענְט אִיהְר וֶוען מֶען
וֶועט אֵייךְ מְבַזֶה זֵיין אוּנְד יָאגֶען, אוּנְד
וֶוען מֶען וֶועט פַאלְשְׁהֵייט אוּנְד אַלֶערְ־
לֵייא בֵּייז אוֹיף אֵייךְ רֶעדֶען, פוּן
מֵיינֶעטְוֶועגֶען:
12 פְרֵייעֶט אֵייךְ, אוּנְד זֵייט פְרֵיילִיךְ,
וָוארִין אִיהְר הָאט אֵיין גְרוֹיסֶען שְׂכַר
אִים הִימֶעל. וָוארִין אַזוֹי הָאבֶען זֵייא
גֶעיָאגְט דִיא נְבִיאִים וָואס זֶענֶען פָאר
אֵייךְ גֶעוֶועזֶען:
13 אִיהְר זֶענְט דָאס זַאלְץ פוּן דֶער
עֶרְד, אוּנְד וֶוען דָאס זַאלְץ פֶערְלִירְט
דֶעם טַעַם, מִיט וָואס זָאל עֶס גֶעְ־
זַאלְצֶען וֶוערֶען? עֶס קוּמְט גָאר נִיט
מֶעהְר צוּ נִיטְץ נוּר אַרוֹיס צוּ וַוארְפֶען,
אוּנְד צוּטְרֶעטֶען צוּ וֶוערֶען פוּן דִיא
לֵייט:
14 אִיהְר זֶענְט דָאס לִיכְט פוּן דֶער
וֶועלְט, אַ שְׁטָאט וָואס לִיגְט אוֹיף אֵיין
בַּארְג קֶען נִיט פֶערְבָּארְגֶען זֵיין:
15 מֶען צִינְדֶעט אוֹיךְ נִיט אָן אֵיין
לִיכְט, אוּנְד זֶעצְט עֶס אוּנְטֶער אֵיין
מֶעסְטֶעל, נֵייעֶרְט אוֹיף אֵיין לֵייכְטֶער,
אוּנְד עֶס לֵייכְט צוּ אַלֶע דִיא וָואס
זֶענֶען אִים דֶעם הוֹיז:
16 אַזוֹי לָאזְט אֵייעֶר לִיכְט שֵׁיינֶען
פַאר מֶענְשֶׁען, דָאס זֵייא זָאלֶען זֶעהֶען
אֵייעֶרֶע גוּטֶע וֶוערְקֶע, אוּנְד זָאלֶען לוֹיבֶּען
אֵייעֶר פָאטֶער וָואס אִיז אִים הִימֶעל:
17 מֵיינְט נִיט דָאס אִיךְ בִּין גֶעְ־
קוּמֶען דִיא תּוֹרָה אָדֶער דִיא נְבִיאִים
צוּ צֶערְשְׁטֶערֶען, אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען
צוּ צֶערְשְׁטֶערֶען, נֵייעֶרְט מְקַיֵים צוּ זֵיין:
18 דֶען פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ,
בִּיז דֶער הִימֶעל אוּנְד עֶרְד וֶועט פֶערְ־
גֵיין, וֶועט נִיט אֵיין יוּד, אָדֶער אַ
קְלֵיינֶער פּוּנְקְט פֶערְגֵיין פוּן דֶער תּוֹרָה,
בִּיז אַלֶעס וֶועט מְקוּיָם וֶוערֶען:
19 דָארוּם וֶוער עֶס וֶועט עוֹבֵר זֵיין
אֵיינֶע פוּן דִיא קְלֵיינְסְטֶע מִצְוֹת אוּנְד
וֶועט דִיא לֵייט אַזוֹי לֶערְנֶען, דֶער וֶועט
הֵייסֶען, דֶער קְלֵיינְסְטֶער אִים קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן הִימֶעל. וֶוער עֶס וֶועט זֵייא אָבֶּער
טְהוּן אוּנְד לֶערְנֶען, דֶער וֶועט גְרוֹיס
הֵייסֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל:
20 וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, דָאס וֶוען
אֵייעֶר צְדָקוֹת וֶועט נִיט בֶּעסֶער זֵיין
וִויא דָאס צְדָקוֹת פוּן דִיא סוֹפְרִים אוּנְד
דִיא פְּרוּשִׁים, אַזוֹי וֶועט אִיהְר גֶעוִויס
נִיט אַרֵיין קוּמֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
הִימֶעל:
21 אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט דָאס עֶס אִיז
גֶעזָאגְט צוּ דִיא אַלְטֶען, דוּא זָאלְסְט
נִיט מָארְדֶען. אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט
מָארְדֶען, וֶועט פֶערְשׁוּלְדִיגְט זֵיין צוּם
מִשְׁפָּט:
22 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, דָאס אִיטְ־
לִיכֶער וָואס וֶועט זִיךְ אוּמְזָאנְסְט דֶערְ־

צארנען

צָארְנֶען אִיבֶּער זַיין בְּרוּדֶער, וֶועט
פֶערשׁוּלְדִיגְט זַיין צוּם מִשְׁפָּט. אוּנְד
וֶוער עֶס וֶועט זַיין בְּרוּדֶער רוּפֶען
רֵיקָא, וֶועט פֶערְשׁוּלְדִיגְט זַיין צוּ דִיא
סַנְהֶדְרִין. אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט זָאגֶען
דוּא נַאר, דֶער וֶועט פֶערְשׁוּלְדִיגְט זַיין
צוּם פֵייעֶר פוּן גֵיהִנָּם:
23 דָארוּם וֶוען דוּא ווילְסְט מַקְרִיב
זַיין דַיין קָרְבָּן אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד
דוּא וֶועסְט דִיךְ דָארְטֶען דֶערְמַאנֶען אַז
דַיין בְּרוּדֶער הָאט עֶפֶּעס קֶעגֶען דִיר:
24 אַזוֹי לָאז דָארְטֶען אִיבֶּער דַיין
קָרְבָּן פָאר דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד גֵייא אוּנְד
אִיבֶּערבֶּעט דִיךְ צוּעֶרְשְׁט מִיט דַיין
בְּרוּדֶער, אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאלְסְט דוּא
קוּמֶען אוּנְד מַקְרִיב זַיין דַייך קָרְבָּן:
25 פֶערְטְרָאג דִיךְ בַּאלְד מִיט דַיין
קְרִיגֶער, וַוייל דוּא בִּיסְט נָאךְ מִיט
אִיהְם אוֹיף דֶעם וֶועג, כְּדֵי דֶער
קְרִיגֶער זָאל דִיךְ נִיט אִיבֶּערעֶנְטפֶערֶען
צוּם שׁוֹפֵט, אוּנְד דֶער שׁוֹפֵט וֶועט דִיךְ
אִיבֶּערעֶנְטפֶערֶען צוּם שׁוֹטֵר, אוּנְד דוּא
וֶועסְט אִין דֶער תְּפִיסָה אַרֵיין גֶעוָוארְ־
פֶען וֶוערֶען:
26 פַארְוָואהְר אִיךְ זָאג דִיר, דוּא וֶועסְט
פוּן דָארְטֶען נִיט אַרוֹיסְקוּמֶען בִּיז דוּא
וֶועסְט בֶּעצָאלֶען דִיא לֶעצְטֶע פְּרוּטָה:
27 אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט דָאס עֶס אִיז
גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ דִיא אַלְטֶען, דוּא
זָאלְסְט נִיט מְנַאֵף זַיין:
28 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, דָאס וֶוער
עֶס קוּקְט אוֹיף אֵיין וַוייבּ כְּדֵי נָאךְ
אִיהְר צוּ גְלִיסְטֶען, דֶער הָאט שׁוֹין מִיט
אִיהְר מְזַנֶּה גֶעוֶועזֶען אִין זַיין הַארְץ:
29 אוּנְד וֶוען דַיין רֶעכְטֶעס אוֹיג
שְׁטְרוֹיכֶעלְט דִיךְ, אַזוֹי שְׁטֶעךְ עֶס אוֹיס,
אוּנְד וַוארְף עֶס אַוֶועק פוּן דִיר, וָוארִין
עֶס אִיז בֶּעסֶער פַאר דִיר דָאס דוּא
זָאלְסְט פֶערְלִירֶען אֵיינְס פוּן דַיינֶע
גְלִידֶער, אוּנְד דַיין גַאנְצֶער לֵייבּ זָאל
נִיט אִין גֵיהִנָּם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען:
30 אוּנְד וֶוען דַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד
שְׁטְרוֹיכֶעלְט דִיךְ, אַזוֹי הַאק זִיא אָבּ,
אוּנְד וַוארְף זִיא אַוֶועק פוּן דִיר, וָוארִין
עֶס אִיז בֶּעסֶער פַאר דִיר דָאס דוּא
זָאלְסְט פֶערְלִירֶען אֵיינְס פוּן דַיינֶע
גְלִידֶער, אוּנְד דַיין גַאנְצֶער לֵייבּ זָאל
נִיט אִין גֵיהִנָּם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען:
31 עֶס אִיז אוֹיךְ גֶעזָאגְט, דָאס וֶוער
עֶס וִויל זִיךְ פוּן זַיין וַוייבּ שֵׁיידֶען, זָאל
עֶר אִיהְר גֶעבֶּען אֵיין גֵט:
32 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, דָאס וֶוער
עֶס וֶועט זִיךְ פוּן זַיין וַוייבּ שֵׁיידֶען, חוּץ
פוּן וֶועגֶען זְנוּת, אַזוֹי מַאכְט עֶר זִיא
פַאר אַ זוֹנָה, אוּנְד וֶוער עֶס נֶעמְט
אֵיינֶע גְרוּשָׁה, דֶער אִיז אֵיין נוֹאֵף:
33 אִיהְר הָאט וַוייטֶער גֶעהֶערְט דָאס
עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ דִיא
אַלְטֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט פַאלְשׁ שְׁוֶוערֶען,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּם הַאר גָאט דַיינֶע
שְׁבוּעָה הַאלְטֶען:
34 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אִיהְר זָאלְט
גָאר קֵיין שְׁבוּעָה נִיט שְׁוֶוערֶען, נִיט
בֵּייא דֶעם הִימֶעל, וָוארִין עֶס אִיז גָאטְ'ס
שְׁטוּהְל:
35 אוּנְד נִיט בֵּייא דֶער עֶרְד, וָוארִין
עֶס אִיז זַיינֶע פוּסְבַּאנְק. אוּנְד נִיט
בֵּייא יְרוּשָׁלַיִם, וָוארִין עֶס אִיז דִיא
שְׁטָאט פוּן אַ גְרוֹיסֶען מֶלֶךְ:
36 אוֹיךְ זָאלְסְט דוּא נִיט שְׁוֶוערֶען
בֵּייא דַיין קָאפּ, וָוארִין דוּא קֶענְסְט
נִיט אֵיין אֵיינְצִיגֶע הָאר וַוייס אָדֶער
שְׁוַוארְץ מַאכֶען:
37 אוּנְד לָאז אֵייעֶר וָוארְט זַיין יַא, יָא,

גֵיין, גֵיין, אוּנְד װָאס אִיז מֶעהְר פוּן דִיזֶען, אִיז פוּן דֶעם בֵּייזֶען:

38 אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט דָאס עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעװָארֶען, אֵיין אױג פַאר אֵיין אױג, אֵיין צָאהְן פַאר אֵיין צָאהְן:

39 אָבֶער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט װִידֶערְשְׁטֶעלֶען דֶעם בֵּייזֶען. נֵייעֶרְט װֶען אֵיינֶער װֶעט דִיךְ שְׁלָאגֶען אױף דֶער רֶעכְטֶער בַּאק, אַזױ שְׁטֶעל אִיהְם אױךְ דִיא אַנְדֶערֶע אױף:

40 אוּנְד װֶען אֵיינֶער װֶעט זִיךְ װֶעלֶען מִיט דִיר קְרִיגֶען בֵּיים גֶערִיכְט, כְּדֵי דֵיין קְלֵייד אַװֶעק צוּ נֶעמֶען, אַזױ לָאז אִיהְם אױךְ אִיבֶּער דֵיין מַאנְטֶעל:

41 אוּנְד װֶען אֵיינֶער װֶעט דִיךְ נֵייטֶען דוּא זָאלְסְט מִיט אִיהְם גֵיין אֵיין מֵייל, אַזױ גֵייא מִיט אִיהְם צְװֵייא:

42 גִיבּ צוּ דֶעם װָאס בֶּעט פוּן דִיר, אוּנְד פוּן דֶעם װָאס װִיל פוּן דִיר לֵייעֶן זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט אַװֶעק קֶעהְרֶען:

43 אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט דָאס עֶס אִיז גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט דֵיין פְרֵיינְד לִיבֶּען אוּנְד דֵיין פֵיינְד הַאסֶען:

44 אָבֶער אִיךְ זָאג אֵייךְ, לִיבְּט אֵיירֶע פֵיינְדֶע, בֶּענְשְׁט דִיא װָאס שֶׁעלְטֶען אֵייךְ, טְהוּט גוּטֶעס צוּ דִיא װָאס הַאסֶען אֵייךְ בֶּעט פַאר דִיא װָאס בֶּעלֵיידִיגֶען אוּנְד יָאגֶען אֵייךְ:

45 דָאס אִיהְר זָאלְט זֵיין דִיא קִינְדֶער פוּן אֵייעֶר פָאטֶער אִים הִימֶעל. װָארִין עֶר לָאזְט זֵיינֶע זוּן שֵׁיינֶען אױף דִיא בֵּייזֶע אוּנְד אױף דִיא גוּטֶע, אוּנְד עֶר לָאזְט רֶעגְנֶען אִיבֶּער דִיא גֶערֶעכְטֶע אוּנְד אוּנְגֶערֶעכְטֶע:

46 װָארִין װֶען אִיהְר װֶעט נָאר לִיבֶּען דִיא װָאס לִיבֶּען אֵייךְ, װָאס פַאר אַ שְׂכַר הָאט אִיהְר? טְהוּן נִיט דִיא מוֹכְסִים אױךְ דָאס גֶעמְלִיכֶע?

47 אוּנְד װֶען אִיהְר גְרִיסְט נוּר אֵיירֶע בְּרִידֶער אַלֵיין, װָאס טְהוּט אִיהר מֶעהְר װִיא זֵייא? טְהוּן נִיט דִיא מוֹכְסִים אױךְ אַזױ?

48 דָארוּם זָאלְט אִיהְר זֵיין פָאלְקָאמֶען, אַזױ װִיא אֵייעֶר פָאטֶער אִים הִימֶעל אִיז פָאלְקָאמֶען:

## קאפיטעל ו

1 הִיט אֵייךְ דָאס אִיהְר זָאלְט נִיט אֵייעֶר צְדָקָה גֶעבֶּען פַאר מֶענְשֶׁען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט פוּן זֵייא גֶעזֶעהֶען װֶערֶען, װוּנְסְט הָאט אִיהְר נִיט קֵיין שְׂכַר פוּן אֵייעֶר פָאטֶער אִים הִימֶעל:

2 דָארוּם װֶען דוּא גִיבְּסְט צְדָקָה, זָאלְסְט דוּא נִיט פַאר דִיר אױס טְרָאמְפֵּייטֶערְן לָאזֶען, אַזױ װִיא דִיא הֵייכְלֶער טְהוּן אִין דִיא שׁוּלֶען אוּנְד אִין דִיא גַאסֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען פוּן מֶענְשֶׁען גֶעלױבְּט װֶערֶען. פַארְװָאהְר, זָאג אִיךְ אֵייךְ, זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶר שְׂכַר מְקַבֵּל גֶעװֶעזֶען:

3 אָבֶער װֶען דוּא גִיבְּסְט צְדָקָה, לָאז נִיט דֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד װִיסֶען װָאס דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד טְהוּט:

4 דָאס דֵיין צְדָקָה זָאל זֵיין פֶערְבָּארְגֶען. אוּנְד דֵיין פָאטֶער װָאס זֶעהְט אִים פֶערְבָּארְגֶענֶען עֶר װֶעט דִיר בֶּעצָאלֶען עֶפֶענְטְלִיךְ:

5 אוּנְד װֶען דוּא טְהוּסְט בֶּעטֶען, זֵייא נִיט װִיא דִיא הֵייכְלֶער, װָארִין זֵייא הָאבֶּען לִיבּ צוּ בֶּעטֶען (מִתְפַּלֵּל צוּ זֵיין) װֶען זֵייא שְׁטֵייעֶן אִין דִיא שׁוּלֶען אוּנְד אױף דִיא עֶקֶען פוּן דִיא גַאסֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען פוּן מֶענְשֶׁען גֶעזֶעהֶען װֶערֶען. פַארְװָאהְר, זָאג אִיךְ אֵייךְ, זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶר שְׂכַר מְקַבֵּל גֶעװֶעזֶען:

6 אַבֶּער וָוען **דוּא** ווילְסט בֶּעטֶען,
גֵייא אִין דֵיינֶע שְׁטוּבּ אַרֵיין אוּנְד שְׁלִיס
צוּ דִיא טִיר, אוּנְד בֶּעט צוּ דֵיין פָאטֶער
וָואס אִיז אִים פֶערְבָארְגֶען אוּנְד דֵיין
פָאטֶער וָואס זֶעהְט אִים פֶערְבָּארְגֶענֶען
וֶועט דִיר בֶּעצָאלֶען עֶפֶענְטְלִיךְ:
7 אוּנְד וָוען אִיהְר בֶּעטֶעט, זָאגְט נִיט
אִיבֶּער דִיא גֶעמְלִיכֶע וֶוערְטֶער, אַזוֹי וִויא
דִיא גוֹיִם טְהוּן, וָוארִין זֵייא מֵיינֶען זֵייא
וֶועלֶען דֶערְהֶערְט וֶוערֶען דוּרְךְ פִיל רֶעדֶען:
8 דָארוּם זַייט נִיט גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא
זֵייא. וָוארִין אֵייעֶר פָאטֶער ווייסְט אֵייעֶר
בֶּעדֶערְפְנִים נָאךְ אֵיידֶער אִיהְר אִיהְם
דָארוּם בֶּעטֶעט:
9 דָארוּם זָאלְט אִיהְר אַזוֹי בֶּעטֶען,
אוּנְזֶער פָאטֶער וָואס דוּא בִּיסְט אִים
הִימֶעל, גֶעהֵיילִיגְט זָאל זֵיין דֵיין נָאמֶען:
10 לָאז דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ קוּמֶען. דֵיין
ווילֶען זָאל גֶעטְהוּן וֶוערֶען אוֹיף דֶער
עֶרְד אַזוֹי וִויא אִים הִימֶעל:
11 גִיבּ אוּנְס הֵיינְט אוּנְזֶער טֶעגְלִיךְ
בְּרוֹיט:
12 אוּנְד פֶערְגִיבּ אוּנְס אוּנְזֶערֶע שוּלְדֶען,
אַזוֹי וִויא מִיר פֶערְגֶעבֶּען אוּנְזֶערֶע
שוּלְדִיגֶער:
13 אוּנְד פִיהְר אוּנְס נִיט אִין פְּרִיפוּנְג,
נֵייעֶרְט בֶּעהִיט אוּנְס פוּן בֵּייזֶען. וָוארִין
דֵיין אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ, אוּנְד דִיא
מַאכְט, אוּנְד דִיא הֶערְלִיכְקֵייט, אוֹיף
אֵייבִּיג, אָמֵן:
14 וָוארִין וָוען אִיהְר וֶועט דִיא לֵייט
זֵיירֶע פֶעלֶער פֶערְגֶעבֶּען, אַזוֹי וֶועט
אֵייךְ אֵייעֶר הִימְלִישֶׁער פָאטֶער אוֹיךְ
פֶערְגֶעבֶּען:
15 אַבֶּער וָוען אִיהְר וֶועט דִיא לֵייט
נִיט פֶערְגֶעבֶּען זֵיירֶע פֶעלֶער, אַזוֹי וֶועט
אֵייעֶר פָאטֶער אֵיירֶע פֶעלֶער אוֹיךְ נִיט
פֶערְגֶעבֶּען:
16 אוּנְד וָוען אִיהְר טְהוּט פַאסְטֶען,
זַייט נִיט גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דִיא הֵייכְלֶער.
וָוארִין זֵייא מַאכֶען אֵיין שְׁלֶעכְט פָּנִים,
דָאס דִיא לֵייט זָאלֶען אָנְזֶעהֶען דָאס
זֵייא פַאסְטֶען. פַארְוָואהְר, זָאג אִיךְ אֵייךְ,
זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶר שְׂכַר מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען:
17 אָבֶּער וָוען דוּא טְהוּסְט פַאסְטֶען,
אַזוֹי זַאלְבּ דִיר דֵיין קָאפּ אוּנְד וַואשׁ
דֵיין פָּנִים:
18 כְּדֵי דִיא לֵייט זָאלֶען נִיט אָנְזֶעהֶען
אַז דוּא פַאסְט, נֵייעֶרְט פָאר דֵיין פָאטֶער
וָואס אִיז פֶערְבָארְגֶען. אוּנְד דֵיין פָאטֶער
וָואס זֶעהְט אִים פֶערְבָארְגֶענֶעם, וֶועט
דִיר בֶּעצָאלֶען עֶפֶענְטְלִיךְ:
19 זַאמֶעלְט אֵייךְ נִיט קֵיינֶע אוֹצְרוֹת
אוֹיף דֶער עֶרְד, וְואוּ דִיא מִילְבּ אוּנְד
רָאסְט פֶערְדַארְבְּט, אוּנְד וְואוּ גַנָבִים
טְהוּן אֵיינְבְּרֶעכֶען אוּנְד גַנְבְנֶען:
20 אָבֶּער זַאמֶעלְט אֵייךְ אוֹצְרוֹת אִים
הִימֶעל, וְואוּ דִיא מִילְבּ אוּנְד רָאסְט פֶערְ־
דַארְבְּט נִיט, אוּנְד וְואוּ גַנָבִים טְהוּן נִיט
אֵיינְבְּרֶעכֶען אוּנְד גַנְבְנֶען נִיט:
21 וָוארִין וְואוּ אֵייעֶר אוֹצָר אִיז, דָארְטֶען
וֶועט אֵייעֶר הַאַרְץ אוֹיךְ זֵיין:
22 דָאס אוֹיג אִיז דָאס לִיכְט פוּן דֶעם
לֵייבּ, דָארוּם וֶוען דֵיין אוֹיג אִיז אֵיינְ־
פַאךְ, אַזוֹי וֶועט דֵיין גַאנְצֶער לֵייבּ
לִיכְטִיג זֵיין:
23 אָבֶּער וֶוען דֵיין אוֹיג אִיז בֵּייז, אַזוֹי
וֶועט דֵיין גַאנְצֶער לֵייבּ זֵיין פִינְסְטֶער.
דָארוּם וֶוען דָאס לִיכְט, וָואס אִיז אִין
דִיר אִיז פִינְסְטֶער, וִויא גְרוֹיס אִיז דִיא
פִינְסְטֶערְנִיס?
24 אֵיין מֶענְשׁ קֶען קֵיינֶע צְווייא הַאַרֶען
נִיט דִינֶען. וָוארִין עֶנְטְוֶועדֶער עֶר וֶועט
אֵיינֶעם פֵיינְד הָאבֶּען אוּנְד דֶעם

אַנְדֶערֶען לִיבּ הָאבֶּען, אָדֶער עֶר װֶעט זִיךְ הַאלְטֶען בֵּייא אֵיינֶעם אוּנְד װֶעט דֶעם אַנְדֶערֶען פֶערְשֶׁעמֶען. אִיהְר קֶענְט נִיט דִינֶען גָאט אוּנְד מָמוֹן׃

25 דָארוּם זָאג אִיךְ אֵייךְ, זָארְגְט נִיט פַאר אֵייעֶר לֶעבֶּען, װָאס אִיהְר זָאלְט עֶסֶען אוּנְד װָאס אִיהְר זָאלְט טְרִינְקֶען, אוֹיךְ נִיט פַאר אֵייעֶר לֵייבּ װָאס אִיהְר זָאלְט אָנְטְהוּן. אִיז נִיט דָאס לֶעבֶּען מֶעהְר װִיא דָאס עֶסֶען, אוּנְד דֶער לֵייבּ װִיא דָאס מַלְבּוּשׁ׃

26 קוּקְט אָן דִיא פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל, װָארִין זֵייא זֵייעֶן נִיט אוּנְד שְׁנֵיידֶען נִיט, אוּנְד זַאמְלֶען נִיט אִין קֵיינֶע שְׁפֵּייכְלֶערְס אַרֵיין, אוּנְד אֵייעֶר פָאטֶער אִים הִימֶעל שְׁפֵּייזְט זֵייא. זֵייט אִיהְר נִיט פִיל בֶּעסֶער װִיא זֵייא׃

27 אוּנְד װֶער אִיז דָא צְװִישֶׁען אֵייךְ װָאס קֶען דוּרְךְ זֵיין זָארְגֶען אֵיין אֵייל צוּ זֵיינֶער לֶענְגֶע צוּ זֶעצֶען?

28 אוּנְד װָארוּם זָארְגְט אִיהְר פַאר קְלֵיידוּנְג? קוּקְט אָן דִיא רוֹיזֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד װִיא זֵייא װַאקְסֶען. זֵייא אַרְבֵּייטֶען נִיט אוּנְד שְׁפִּינֶען נִיט׃

29 אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ אַז אוֹיךְ שְׁלֹמֹה אִין זֵיינֶער גַאנְצֶען שֵׁיינְהֵייט אִיז נִיט גֶעקְלֵיידֶעט גֶעװֶעזֶען אַזוֹי װִיא אֵיינְס פוּן דִיזֶען׃

30 אוּנְד װֶען גָאט בֶּעדֶעקְט אַזוֹי דָאס גְרָאס פוּן דֶעם פֶעלְד, װָאס הֵיינְט אִיז דָא אוּנְד מָארְגֶען װֶערְט עֶס אִים פֵייעֶר אַרֵיינְגֶעװָארְפֶען, װֶעט עֶר אֵייךְ דֶען נִיט פִיל מֶעהְר קְלֵיידֶען, אוֹי אִיהְר קְלֵיין גְלוֹיבִּיגֶע?

31 דָארוּם זָאלְט אִיהְר נִיט זָארְגֶען, אוּנְד זָאגֶען װָאס װֶעלֶען מִיר עֶסֶען? אוּנְד װָאס װֶעלֶען מִיר טְרִינְקֶען?

32 אוּנְד מִיט װָאס װֶעלֶען מִיר זִיךְ קְלֵיידֶען? װָארִין דִיא גוֹיִם זוּכֶען דָאס אַלֶעס. אָבֶּער אֵייעֶר הִימְלִישֶׁער פָאטֶער װֵייסְט אַז אִיהְר בֶּעדַארְפְט דָאס אַלֶעס׃

33 אָבֶּער זוּכְט אִיהְר פְרִיהֶער דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אוּנְד זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד דָאס אַלֶעס װֶעט אֵייךְ צוּגֶעגֶעבֶּען װֶערֶען׃

34 דָארוּם זָאלְט אִיהְר נִיט זָארְגֶען פַאר דֶעם מָארְגֶעדִיגֶען טָאג. װָארִין דֶער מָארְגֶעדִיגֶער טָאג װֶעט פַאר דָאס זֵיינִיגֶע זָארְגֶען. עֶס אִיז גֶענוּג פַאר דֶעם טָאג דָאס אִיבֶּעל דֶער פוּן׃

## קאפיטעל ז

1 אִיהְר זָאלְט נִיט רִיכְטֶען, אוֹיף דָאס אִיהְר זָאלְט נִיט גֶערִיכְטֶעט װֶערֶען׃

2 װָארִין מִיט דֶעם גֶערִיכְט װָאס אִיהְר טְהוּט רִיכְטֶען, װֶעט אִיהְר גֶערִיכְטֶעט װֶערֶען. אוּנְד מִיט דֶעם מָאס װָאס אִיהְר מֶעסְט, װֶעט מֶען אֵייךְ אוֹיךְ מֶעסְטֶען׃

3 אוּנְד װָארוּם זֶעהְסְט דוּא דֶעם שְׁפָּאן װָאס אִיז אִין דֵיין בְּרוּדֶערְס אוֹיג, אוּנְד בֶּעטְרַאכְטֶסְט נִיט דֶעם בַּאלְקֶען װָאס אִיז אִין דֵיין אוֹיג׃

4 אוּנְד װִיא דַארְפְסְט דוּא זָאגֶען צוּ דֵיין בְּרוּדֶער, לָאז מִיךְ אַרוֹיסְנֶעמֶען דֶעם שְׁפָּאן פוּן דֵיין אוֹיג, װֵייל דָא אִיז אֵיין בַּאלְקֶען אִין דֵיין אֵייגֶען אוֹיג׃

5 דוּא הֵייכְלֶער, נֶעם פְרִיהֶער אַרוֹיס דֶעם בַּאלְקֶען פוּן דֵיין אוֹיג, אוּנְד דֶער נָאךְ װֶעסְט דוּא בֶּעסֶער זֶעהֶען דֶעם שְׁפָּאן אַרוֹיס צוּ נֶעמֶען פוּן דֵיין בְּרוּדֶערְס אוֹיג׃

6 גִיבְּט נִיט דָאס װָאס אִיז הֵיילִיג צוּ הִינְט, אוּנְד װַארְפְט נִיט דִיא פֶּערְלֶען פָאר דִיא חֲזֵירִים, װָארִין זֵייא װֶעלֶען זֵייא מִיט זֵיירֶע פִיס צוּטְרֶעטֶען, אוּנְד װֶעלֶען

זִיךְ אוּמְקֶערֶען אוּנְד וֶועלֶען אֵייךְ צוּ־
רֵייסֶען׃
7 בֶּעטֶעט, אוּנְד עֶס וֶועט אֵייךְ גֶעגֶע־
בֶּען וֶוערֶען. זוּכְט, אוּנְד אִיהְר וֶועט גֶע־
פִינֶען. קְלַאפְּט אָן, אוּנְד מֶען וֶועט
אֵייךְ אוֹיפְמַאכֶען׃
8 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס בֶּעטֶעט עֶנְט־
פַאנְגְט, אוּנְד דֶער וָואס זוּכְט גֶעפִינְט,
אוּנְד צוּ דֶעם וואס קְלָאפְּט אָן וֶועט מֶען
אוֹיפְמַאכֶען׃
9 אוּנְד וֶועלְכֶער מֶענְשׁ אִיז דָא צְוִוישֶׁען
אֵייךְ, וָואס, וֶוען זֵיין זוּהְן וֶועט אִיהְם
בֶּעטֶען אוּם בְּרוֹיט, וֶועט עֶר אִיהְם
גֶעבֶּען אֵיין שְׁטֵיין?
10 אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט אִיהְם בֶּעטֶען
אוּם פִישׁ, וֶועט עֶר אִיהְם גֶעבֶּען אֵיין
שְׁלַאנְג?
11 דָארוּם וֶוען אִיהְר וָואס זֶענְט
שְׁלֶעכְט, ווייסְט גוּטֶע מַתָּנוֹת צוּ גֶעבֶּען
צוּ אֵיירֶע קִינְדֶער, וִויא פִיל מֶעהְר וֶועט
אֵייעֶר פָאטֶער וָואס אִיז אִים הִימֶעל
גוּטֶעס גֶעבֶּען צוּ דִיא וָואס בֶּעטֶען פוּן
אִיהְם׃
12 דָארוּם אַלֶעס וָואס אִיהְר ווִילְט אַז
דִיא לַייט זָאלֶען צוּ אֵייךְ טְהוּן, טְהוּט
אִיהְר אוֹיךְ אַזוֹי צוּ זֵייא. וָוארִין דָאס
אִיז דִיא תּוֹרָה אוּנְד דִיא נְבִיאִים׃
13 גֵייט אַרֵיין דוּרְךְ דָאס עֶנְגֶע טוֹיעֶר.
וָוארִין דָאס טוֹיעֶר אִיז בְּרֵייט, אוּנְד
דֶער וֶועג אִיז גְרוֹיס וָואס פִיהְרְט צוּ
פֶערְדַארְבֶּען, אוּנְד פִילֶע זֶענֶען דִיא
וָואס גֵייעֶן דַאדוּרְךְ׃
14 אָבֶּער דָאס טוֹיעֶר אִיז עֶנְג אוּנְד
דֶער וֶועג אִיז שְׁמָאל וָואס פִיהְרְט צוּם
לֶעבֶּען, אוּנְד וֵוינִיג זֶענֶען דִיא וָואס
גֶעפִינֶען אִיהְם׃
15 הִיט אֵייךְ פָאר דִיא פַאלְשֶׁע

נְבִיאִים, וָואס קוּמֶען צוּ אֵייךְ אִין קְלֵיידֶער
פוּן שָׁאף, אוּנְד אִינְוֵוינִיג זֶענֶען זֵייא
פֶערְצִיקֶענְדֶע וֶועלְף׃
16 בֵּייא זֵיירֶע פְרוּכְט זָאלְט אִיהְר זֵייא
דֶערְקֶענֶען, קְלוֹיבְּט מֶען דֶען וֵויינְ־
טְרוֹיבֶּען פוּן דֶערְנֶער, אָדֶער פֵייגֶען
פוּן דִיסְטֶעלֶען׃
17 אַזוֹי יֶעדֶער גוּטֶער בּוֹים טְרָאגְט
גוּטֶע פְרוּכְט, אוּנְד אֵיין פוֹילֶער בּוֹים
טְרָאגְט שְׁלֶעכְטֶע פְרוּכְט׃
18 אֵיין גוּטֶער בּוֹים קֶען נִיט טְרָאגֶען
קֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶע פְרוּכְט, אוּנְד אֵיין פוֹילֶער
בּוֹים קֶען נִיט טְרָאגֶען קֵיינֶע גוּטֶע
פְרוּכְט׃
19 אִיטְלִיכֶער בּוֹים וָואס טְרָאגְט נִיט
קֵיינֶע גוּטֶע פְרוּכְט מוּז אָבְּגֶעהַאקְט
וֶוערֶען, אוּנְד אִים פֵייעֶר אַרֵיינְגֶע־
וָוארְפֶען׃
20 דָארוּם זָאלְט אִיהְר זֵייא דֶערְקֶענֶע־
נֶען בֵּייא זֵיירֶע פְרוּכְט׃
21 נִיט יֶעדֶער וָואס זָאגְט צוּ מִיר,
הַאר, הַאר, וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען אִים קֶע־
נִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל. נֵייעֶרְט דֶער וָואס
טְהוּט דֶעם וִוילֶען פוּן מֵיין פָאטֶער אִים
הִימֶעל׃
22 עֶס וֶועלֶען פִילֶע צוּ מִיר זָאגֶען
אִין יֶענֶעם טָאג, הַאר, הַאר, הָאבֶּען
וִויר נִיט אִין דֵיין נָאמֶען נְבוּאוֹת גֶע־
זָאגְט, אוּנְד אִין דֵיין נָאמֶען הָאבֶּען
מִיר שֵׁדִים אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען, אוּנְד אִין
דֵיין נָאמֶען הָאבֶּען מִיר פִילֶע וְואוּנְדֶער
גֶעטְהוּן׃
23 אוּנְד דָא וֶועל אִיךְ צוּ זֵייא בֶּע־
קֶענֶען, אִיךְ הָאבּ אֵייךְ קֵיינְמָאל נִיט
גֶעקֶענְט, גֵייט אַוֶועק פוּן מִיר, אִיהְר
אִיבֶּעלְטֶעטֶער׃
24 דָארוּם אִיטְלִיכֶער וָואס הֶערְט דִיזֶע

מֵיינֶע רֵייד, אוּנְד טְהוּט זֵייא, דֶעם
וֶועל אִיךְ גְלֵייכֶען צוּ אֵיין קְלוּגֶען
מַאן, וָואס הָאט גֶעבּוֹיט זֵיין הוֹיז
אוֹיף אֵיין פֶעלְזֶען :
25 אוּנְד דֶער רֶעגֶען אִיז גֶעפַאלֶען,
אוּנְד דָאס גֶעוֶועסֶער אִיז גֶעקוּמֶען,
אוּנְד דֶער ווִינְד הָאט גֶעוֵוייעֶט, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶעם הוֹיז
אוּנְד עֶס אִיז נִיט אֵיינְגֶעפַאלֶען. ווָארִין
עֶס אִיז אוֹיף אֵיין פֶעלְזֶען גֶעגְרִינְדֶעט
גֶעוֶועזֶען :
26 אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס הֶערְט דִיזֶע
מֵיינֶע רֵייד, אוּנְד טְהוּט זֵייא נִיט,
דֶער וֶועט גֶעגְלֵייכְט זֵיין צוּ אֵיין
נַארִישֶׁען מֶענְשׁ, וָואס הָאט גֶעבּוֹיט
זֵיין הוֹיז אוֹיף דֶעם זַאמְד :
27 אוּנְד דֶער רֶעגֶען אִיז גֶעפַאלֶען,
אוּנְד דָאס גֶעוֶועסֶער אִיז גֶעקוּמֶען,
אוּנְד דֶער ווִינְד הָאט גֶעוֵוייעֶט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעשְׁלָאגֶען אָן דִיזֶען
הוֹיז אוּנְד עֶס אִיז אֵיינְגֶעפַאלֶען, אוּנְד
דֶער פַאל דֶערְפוּן אִיז גְרוֹיס גֶעוֶועזֶען :
28 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דִיזֶע רֵייד
גֶעעֶנְדִיגְט, אַזוֹי הָאט זִיךְ דָאס פָאלְק
גֶעווְאוּנְדֶערְט אִיבֶּער זֵיינֶע לֶערְנוּנְג.
ווָארִין עֶר הָאט זֵייא גֶעלֶעהְרְט ווִיא
אֵיינֶער וָואס הָאט מַאכְט, אוּנְד נִיט
אַזוֹי ווִיא דִיא סוֹפְרִים :

## קאפיטעל ח

1 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז פוּן דֶעם בַּארְג
אַרוּנְטֶער גֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי אִיז אִיהְם
אֵיין גְרוֹיס פָאלְק נָאכְגֶעגַאנְגֶען :
2 אוּנְד נוּן אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען
אֵיין מְצוֹרָע אוּנְד הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם
גֶעבִּיקְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, הַאר, וֶוען דוּא
ווִילְסְט, קֶענְסְט דוּא מִיךְ רֵיינִיגֶען :
3 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זֵיינֶע הַאנְד אוֹיס־
גֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶע־
רִיהְרְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ ווִיל, זֵייא
גֶערֵיינִיגְט. אוּנְד עֶר אִיז בַּאלְד פוּן
זֵיין צָרַעַת גֶערֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען :
4 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
זֶעה דוּא זָאלְסְט עֶס פַאר קֵיינֶעם נִיט
זָאגֶען. נֵייעֶרְט גֵייא אוּנְד ווַייז דִיךְ
פָאר דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד זֵייא מַקְרִיב דָאס
קָרְבָּן וָואס מֹשֶׁה הָאט בֶּעפָאלֶען, פַאר־
אֵיין צֵייגְנִים צוּ זֵייא :
5 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
נָאךְ כְּפַר נָחוּם, אַזוֹי אִיז אֵיין הוֹיפְּט־
מַאן צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט
אִיהְם גֶעבֶּעטֶען :
6 אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, מֵיין יוּנְג
לִיגְט אִין דֶער הֵיים אוּנְד אִיז גִיכְט־
בְּרִיכִיג, אוּנְד הָאט גְרוֹיסֶע שְׁמֶערְצֶען :
7 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אִיךְ וֶועל קוּמֶען אוּנְד אִיהְם הֵיילֶען :
8 אוּנְד דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, אִיךְ
בִּין נִיט וֶוערְט אַז דוּא זָאלְסְט אוּנְטֶער
מֵיין דַאךְ קוּמֶען, אָבֶער זָאג נוּר אֵיין
וָוארְט, אַזוֹי וֶועט מֵיין יוּנְג גֶעהֵיילְט
וֶוערֶען :
9 ווָארִין אִיךְ בִּין אֵיין מַאן אוּנְטֶער
דֶער אָבֶּערִיגְקֵייט, אוּנְד אִיךְ זָאג צוּ
אֵיינֶעם גֵייא אַהִין, אַזוֹי גֵייט עֶר. אוּנְד
צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען, קוּם אַהֶער, אַזוֹי
קוּמְט עֶר. אוּנְד צוּ מֵיין קְנֶעכְט טְהוּא
דָאס, אַזוֹי טְהוּט עֶר עֶס :
10 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶע־
הֶערְט הָאט עֶר זִיךְ גֶעווְאוּנְדֶערְט,
אוּנְד גֶעזָאגְט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען
אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען, פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ
אֵייךְ, אֵיין זָאלְכֶען גְלוֹיבֶּען הָאבּ אִיךְ
אִין יִשְׂרָאֵל אֲפִילוּ נִיט גֶעפוּנֶען :

11 אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ, דָאס פִילֶע
וֶועלֶען קוּמֶען פוּן מִזְרָח אוּנְד פוּן
מַעֲרָב, אוּנְד וֶועלֶען זִיצֶען מִיט אַבְרָהָם
אוּנְד יִצְחָק אוּנְד יַעֲקֹב אִים קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן הִימֶעל :

12 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם קֶער־
נִיגְרֵייךְ וֶועלֶען אַרוֹיסגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען
אִין דִיא פִינְסטֶערְנִיס וָואס אִיז דְרוֹיסֶען,
דָארְטֶען וֶועט זַיין גֶעוֵויין אוּנְד צֵיינְ־
קְלַאפֶּערְנִיס :

13 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּם
הוֹיפְּטְמַאן, גֵייא אַהֵיים, אוּנְד אַזוֹי וִויא
דוּא הָאסְט גֶעגְלוֹיבְּט אַזוֹי זָאל עֶס דִיר
גֶעשֶׁעהֶען. אוּנְד דֶער יוּנְג אִיז גֶעזוּנְד
גֶעוָוארֶען אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער שָׁעָה :

14 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען אִין
פֶּעטֶערְס הוֹיז אַרֵיין, הָאט עֶר גֶער־
זֶעהֶען דָאס זַיינֶע שְׁווִיגֶער לִיגְט קְרַאנְק
אוֹיף אֵיין קַדַחַת :

15 אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְרֶע הַאנְד אָנְ־
גֶערִיהְרְט, אוּנְד דָאס קַדַחַת הָאט זִיא
פֶערְלָאזֶען, אוּנְד זִיא אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאַ־
נֶען אוּנְד הָאט זֵייא בֶּעדִינְט :

16 אוּנְד אִים אָבֶענְד הָאט מֶען צוּ
אִיהְם גֶעבְרַאכְט פִילֶע וָואס הָאבֶּען
גֶעהַאט שֵׁדִים. אוּנְד עֶר הָאט דִיא
רוּחוֹת אַרוֹיסגֶעטְרִיבֶּען מִיט אֵיין וָוארְט,
אוּנְד הָאט גֶעהֵיילְט אַלֶערְלֵייא קְרַאנְקֶע :

17 כְּדֵי עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען וָואס
עֶס אִיז גֶעזָאגְט דוּרְךְ יְשַׁעְיָה הַנָבִיא
וָואס עֶר זָאגְט, עֶר הָאט אוּנְזֶערֶע
קְרֶענְק אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט
אוֹיף זִיךְ גֶעלָאדֶען אוּנְזֶערֶע וֵוייטָאג :

18 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט פִיל פָאלְק
אַרוּם זִיךְ גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶער־
הֵייסֶען אַוֶועק גֵיין אוֹיף יֶענֶער זֵייט
פוּן יַם :

19 אוּנְד אַ סוֹפֵר אִיז צוּ אִיהְם גֶער־
קוּמֶען, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
רַבִּי, אִיךְ וֶועל דִיר נָאכְפָאלְגֶען וָואַהִין
דוּא וֶועסְט גֵיין :

20 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דִיא פוּקְסֶען הָאבֶּען גְרִיבֶּער, אוּנְד דִיא
פֵייגֶעל פוּם הִימֶעל הָאבֶּען נֶעסְטֶער,
אָבֶער דֶער בֶּן־אָדָם הָאט נִיט וְואוּ
דֶעם קָאפּ אַנִידֶער צוּ לֵייגֶען :

21 אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער פוּן זַיינֶע
תַּלְמִידִים הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר,
דֶערְלוֹיבּ מִיר פְרִיהֶער צוּ גֵיין אוּנְד
מֵיין פָאטֶער צוּ בֶּעגְרָאבֶּען :

22 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פָאלְג מִיר נָאךְ, אוּנְד לָאזֶען דִיא טוֹיטֶע
זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע טוֹיטֶע בֶּעגְרָאבֶּען :

23 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אִין דָאס שִׁיף
אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאבֶּען אִיהְם
זַיינֶע תַּלְמִידִים נָאכְגֶעפָאלְגְט :

24 אוּנְד זֶעה, אֵיין גְרוֹיסֶער שְׁטוּרְם
אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם יַם, בִּיז דָאס
שִׁיף אִיז בֶּעדֶעקְט גֶעוֶועזֶען מִיט
וֶועלֶען ; אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאפֶען :

25 אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען צוּ
אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
אוֹיפְגֶעוֶועקְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, הַאר,
הֶעלְף אוּנְס, מִיר וֶוערֶען פֶערְלוֹירֶען :

26 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וָוארוּם פָארְכְט אִיהְר אֵייךְ, אִיהְר
קְלֵיינְגְלוֹיבִּיגֶע ? דֶערְנָאךְ אִיז עֶר
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט דֶעם וִוינְד
אוּנְד דָאס יַם אָנְגֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד עֶס אִיז
גַאנְץ שְׁטִיל גֶעוָוארֶען :

27 אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ
פֶערְוְואוּנְדֶערְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, וָואס
אִיז דָאס פַאר אֵיינֶער, אַז דֶער וִוינְד
אוּנְד דָאס יַם גֶעהָארְכֶען אִיהְם :

אוּנד

28 אוּנְד װֶען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זַייט יַם צוּם לַאנְד פוּן דִיא גְרְגָשִׁים, אַזוֹי הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגֶ־גֶעגְנֶט צְוֵייא מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט שֵׁדִים, וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן צְוִוישֶׁען דִיא קְבָרִים, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זַייעֶר פִירְכְטֶערְלִיךְ, אַזוֹי דָאס קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעקָאנְט בֵּייא דִיזֶעם וֶועג פֶּערְבֵּייא גֵיין׃

29 אוּנְד זֶעה זַייא הָאבֶּען גֶעשְׂרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, יֵשׁוּעַ, דוּא זוּהְן פוּן גָאט, וָואס הָאבֶּען מִיר מִיט דִיר צוּ טְהוּן? בִּיסְט דוּא אַהֶער גֶעקוּמֶען כְּדֵי אוּנְס צוּ פְּלָאגֶען פַאר דֶער צַייט?

30 אוּנְד עֶס וַואר וַוייט פוּן זַייא אַ סְטַאדֶע פוּן פִילֶע חֲזֵירִים אוֹיף דֶער וַויידֶע׃

31 אוּנְד דִיא שֵׁדִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא וִוילְסְט אוּנְס אַרוֹיסטְרַייבֶּען, אַזוֹי דֶערְ־לוֹיבּ אוּנְס צוּ גֵיין אִין דִיא סְטַאדֶע פוּן חֲזֵירִים׃

32 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט גֵייט אַהִין. אַזוֹי זֶענֶען זַייא אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין דֶער סְטַאדֶע פוּן חֲזֵירִים. אוּנְד נוּן הָאט זִיךְ דִיא גַאנְצֶע סְטַאדֶע חֲזֵירִים אַרוֹיפְּ־גֶעוָוארְפֶען פוּן אֵיין הוֹיכֶען אָרְט אִין יַם אַרַיין אוּנְד זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם וַואסֶער׃

33 אוּנְד דִיא הִירְטֶען זֶענֶען אַוֶועק־גֶעלָאפֶען, אוּנְד זֶענֶען אִין דִיא שְׁטָאט אַרַיינְגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אַלֶעס דֶערְצֵיילְט, אוּנְד אוֹיךְ וִויא עֶס אִיז דֶערְגַאנְגֶען מִיט דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט שֵׁדִים׃

34 אוּנְד נוּן אִיז דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען כְּדֵי יֵשׁוּעַ עֶנְטְגֶעגֶען צוּ גֵיין. אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא אִיהְם גֶע־בֶּעטֶען אַז עֶר זָאל אַוֶועק גֵיין פוּן זַיירֶע גְרֶענֶעצֶען׃

קאפיטעל ט

1 אוּנְד עֶר אִיז אִין דֶעם שִׁיף אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען. אוּנְד אִיז אַרִיבֶּערגֶע־פָאהְרֶען, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען אִין זַיינֶע שְׁטָאט אַרַיין׃

2 אוּנְד נוּן הָאט מֶען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אֵיינֶעם וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין גִיכְטבְּרִיכִיגֶער, אוּנְד עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיף אֵיין בֶּעט. אוּנְד וִויא יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען זַייעֶר גְלוֹיבֶּען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ דֶעם גִיכְט־בְּרִיכִיגֶען, זַייא גֶעטְרַייסְט מֵיין זוּהְן, דַיינֶע זִינְדֶען זֶענֶען דִיר פֶערְגֶעבֶּען׃

3 אוּנְד זֶעה, עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא סוֹפְרִים הָאבֶּען אִין זִיךְ גֶעדַאכְט, דִיזֶער לֶעסְ־טֶערְט גָאט׃

4 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעוְואוּסְט זַיירֶע גֶעדַאנְקֶען, אוּנְד גֶעזָאגְט, וָוארוּם הָאט אִיהְר בֵּייזֶע גֶעדַאנְקֶען אִין אֵיירֶע הֶערְצֶער׃

5 וָוארִין וֶועלְכֶעס אִיז גְרִינְגֶער צוּ זָאגֶען דַיינֶע זִינְדֶען זֶענֶען דִיר פֶּער־גֶעבֶּען, אָדֶער צוּ זָאגֶען שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד גֵייא אַרוּם?

6 אָבֶּער דָאס אִיהְר זָאלְט וִויסֶען דָאס דֶער בֶּן־אָדָם הָאט מַאכְט אוֹיף דֶער עֶרְד זִינְדֶען צוּ פֶּערְגֶעבֶּען, (אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ דֶעם גִיכְטבְּרִיכִיגֶען) שְׁטֵייא אוֹיף, נֶעם דַיין בֶּעט, אוּנְד גֵייא אַהֵיים׃

7 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד אִיז אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען׃

8 אוּנְד וֶוען דָאס פָאלְק הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ פֶערְ־וְואוּנְדֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען גָאט גֶעלוֹיבְּט, וָואס הָאט גֶעגֶעבֶּען אֵיינֶע זָאלְכֶע מַאכְט צוּ מֶענְשֶׁען :

9 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען אֵיין מַאן זִיצֶען אִין דֶעם הויז פוּן מֶכֶס, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען מַתְיָא. אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָאלְג מִיר נָאךְ. אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט :

10 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעזֶעסֶען אִין דֶעם הויז בֵּיים עֶסֶען, אַזוֹי זֶענֶען פִילֶע מוֹכְסִים אוּנְד זִינְדֶער גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט מִיט אִיהְם אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים :

11 אוּנְד וֶוען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים. פַארְוָואס עֶסְט אֵייעֶר רַבִּי מִיט דִיא מוֹכְסִים אוּנְד דִיא זִינְדֶער ?

12 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט. דִיא וָואס זֶענֶען גֶעזוּנְד בֶּעדַארְפֶען נִיט קֵיין דָאקְטָאר, נֵייעֶרְט דִיא וָואס זֶענֶען קְרַאנְק :

13 אוּנְד גֵייט אִיהְר אוּנְד לֶערְנְט וָואס דָאס מֵיינְט. אִיךְ בֶּעגֶער גְנָאד אוּנְד נִיט קָרְבָּנוֹת, וָוארִין אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען דִיא צַדִיקִים צוּ תְּשׁוּבָה צוּ רוּפֶען, נֵייעֶרְט דִיא זִינְדֶער :

14 נָאכְדֶעם זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים פוּן יוֹחָנָן צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט וָוארוּם פַאסְטֶען מִיר אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים אַזוֹי פִיל, אוּנְד דֵיינֶע תַּלְמִידִים פַאסְטֶען נִיט ?

15 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וִויא קֶענֶען דִיא חֲתוּנָה לֵייט טְרוֹיעֶרְן וֶוען דֶער חָתָן אִיז בֵּייא זֵייא ? אָבֶּער דִיא צֵייט וֶועט קוּמֶען וֶוען דֶער חָתָן וֶועט פוּן זֵייא אַוֶועק גֶענוּמֶען וֶוערֶען, דֶענְסְמָאל וֶועלֶען זֵייא פַאסְטֶען :

16 אוּנְד קֵיינֶער פֶערִיכְט נִיט אֵיין אַלְט קְלֵייד מִיט אֵיין שְׁטִיק פוּן נֵייעֶם טוּךְ, וָוארִין דָאס שְׁטִיק רֵייסְט אָב פוּן דֶעם קְלֵייד אוּנְד דֶער רִיס וֶוערְט נָאךְ עֶרְגֶער :

17 מֶען גִיסְט אוֹיךְ נִיט קֵיין נֵייעֶן וויין אִין אַלְטֶע לָאגֶעל אַרֵיין, וָוארִין זָאנְסְט וָוערֶען דִיא לָאגֶעל צוּרִיסֶען, אוּנְד דֶער וויין וֶוערְט אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוּנְד דִיא לָאגֶעל וֶוערֶען פֶערְדָארְבֶּען. נֵייעֶרְט מֶען גִיסְט נֵייעֶן וויין אִין נֵייעֶ לָאגֶעל אַרֵיין אוּנְד אַזוֹי וֶוערֶען זֵייא בֵּיידֶע גַאנְץ בֶּעהַאלְטֶען :

18 אוּנְד ווייל עֶר הָאט דִיזֶעס מִיט זֵייא גֶערֶעט, אַזוֹי אִיז אֵיין אוֹיבֶּער־שְׁטֶער גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט, אוּנְד גֶעזָאגְט. מֵיינֶע טָאכְטֶער אִיז יֶעצְט גֶעשְׁטָארְבֶּען. אָבֶּער קוּם דוּא אוּנְד לֵייג דֵיינֶע הַאנְד אוֹיף אִיהְר, אַזוֹי וֶועט זִיא לֶעבֶּען :

19 אוּנְד יֵשׁוּעַ אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט :

20 אוּנְד זֶעה, אֵיינֶע פְרוֹי וָואס הָאט צְוֶועלְף יָאהְר דֶעם בְּלוּטגַאנְג גֶעהַאט, אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען פוּן הִינְטֶען אוּנְד הָאט אָנְגֶערִירְט דֶעם זוים פוּן זֵיין קְלֵייד :

21 וָוארִין זִיא הָאט זִיךְ גֶעטְרַאכְט, וֶוען אִיךְ וֶועל נוּר זֵיין קְלֵייד אָנְרִירֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ גֶעזוּנְד וֶוערֶען :

22 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט, אוּנְד הָאט זִיא גֶעזֶעהֶען אוּנְד גֶעזָאגְט,

זַייא גֶעטְרֵייסְט מֵיינֶע טאכְטֶער, דֵיין
גְלויבֶּען הָאט דִיךְ גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט.
אוּנְד דִיא פְּרוי אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען
פוּן דִיזֶער שָׁעָה:
23 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
אִין דָאס הויז פוּן דֶעם אויבֶּערְשְׁטֶען,
אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא פֵייפֶערְס אוּנְד
דָאס גֶעטִּימֶעל פוּן דֶעם פָּאלְק:
24 אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט
גֵייט אַרוֹיס. וָוארִין דָאס מֵיידֶעל אִיז
נִיט טוֹיט, נֵייעֶרְט זִיא שְׁלָאפְט, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען אִיהְם אויסְגֶעלַאכְט:
25 אוּנְד וֶוען דָאס פָּאלְק וָואר אַרוֹיסְ־
גֶעטְרִיבֶּען, אַזוֹי אִיז עֶר אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען
אוּנְד הָאט זִיא אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא דֶער
הַאנְד, אוּנְד דָאס מֵיידֶעל אִיז אויפְ־
גֶעשְׁטַאנֶען:
26 אוּנְד דִיזֶע זַאךְ אִיז אויסְגֶעגַאנְגֶען
אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד:
27 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז פוּן דָארְטֶען
אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאבֶּען אִיהְם
צְוֵוייא בְּלִינְדֶע נָאכְגֶעפָאלְגְט, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, דֶערְ־
בַּארְם דִיךְ אִיבֶּער אוּנְס דוּא זוּהְן פוּן
דָוִד:
28 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אַהֵיים גֶעקוּמֶען,
זֶענֶען דִיא בְּלִינְדֶע צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען.
אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
גְלֵייבְּט אִיהְר דָאס אִיךְ בִּין אִים שְׁטַאנְד
דָאס צוּ טְהוּן? אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, יוֹא, הַאר:
29 דָא הָאט עֶר זֵיירֶע אוֹיגֶען אָנְגֶעְ־
רִירְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, נָאךְ אֵייעֶר גְלויבֶּען
זָאל אַזוֹי אֵייךְ גֶעשֶׁעהֶען:
30 אוּנְד זֵיירֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אויפְ־
גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט
זַייא גֶעוָוארְנְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט

זֶעהְט אַז קֵיינֶער זָאל עֶס נִיט וויסֶען:
31 אָבֶּער וֶוען זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעְ־
גַאנְגֶען, הָאבֶּען זַייא אִיהְם בֶּעקַאנְט
גֶעמַאכְט אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד:
32 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען אַרוֹיס גֶעְ־
גַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט מֶען צוּ אִיהְם גֶעְ־
בְּרַאכְט אֵיין שְׁטוּמֶען מַאן, וָואס הָאט
גֶעהַאט אֵיין שֵׁד:
33 אוּנְד וֶוען דֶער שֵׁד וואר אַרוֹיס
גֶעטְרִיבֶּען, אַזוֹי הָאט דֶער שְׁטוּמֶער
גֶערֶעט, אוּנְד דָאס פָּאלְק הָאט זִיךְ
פֶערְוואוּנְדֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט
זָאלְכֶעס אִיז נָאךְ קֵיין מָאל נִיט גֶעְ־
זֶעהֶען גֶעוָוארֶען אִין יִשְׂרָאֵל:
34 אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
עֶר טְרֵייבְּט אַרוֹיס שֵׁדִים דוּרְךְ דֶעם
הַאר פוּן דִיא שֵׁדִים:
35 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַרוּם גֶעגַאנְגֶען
אִין אַלֶע שְׁטֶעט אוּנְד דֶערְפֶער, אוּנְד
הָאט גֶעלֶעהְרְט אִין זֵיירֶע שׁוּלֶען, אוּנְד
הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא בְּשׂוֹרָה פוּן דֶעם
קֶענִיגְרֵייךְ, אוּנְד הָאט גֶעהֵיילְט אַלֶערְ־
לֵייא קְרֶענְק אוּנְד אַלֶערְלֵייא שְׁמֶערְ־
צֶען צְווִישֶׁען דֶעם פָּאלְק:
36 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס
פָּאלְק, אַזוֹי הָאט עֶר אִיבֶּער זַייא
רַחֲמָנוּת גֶעהַאט וָוארִין זַייא זֶענֶען גֶעְ־
וֶועזֶען פֶערְשְׁמַאכְט אוּנְד צֶערְשְׁטְרֵייעֶט
וִויא שָׁאף וָואס הָאבֶּען קֵיין פַּאסְטוּךְ נִיט:
37 דָא הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע
תַּלְמִידִים, דִיא שְׁנִיטְצֵייט אִיז גְרוֹיס,
אָבֶּער דִיא אַרְבֵּייטֶערְס זֶענֶען וֵוייניג:
38 דָארוּם בֶּעט צוּ דֶעם הַאר פוּן
דֶער שְׁנִיטְצֵייט, דָאס עֶר זָאל שִׁיקֶען
אַרְבֵּייטֶערְס צוּ זֵיינֶע שְׁנִיטְצֵייט:

קאפיטעל י

1 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען זֵיינֶע
צוועלף

צְוֶועלְף תַּלְמִידִים אוּנְד הָאט זַייא גֶעגֶעבֶּען מַאכְט אִיבֶּער אוּנְרֵיינֶע רוּחוֹת, דָאס זַייא זָאלֶען זַייא אַרוֹיס טְרֵייבֶּען, אוּנְד זָאלֶען הֵיילֶען אַלֶערְלֵייא קְרַאנְקְהַייט אוּנְד אַלֶערְלֵייא שְׁמֶערְצֶען :

2 אוּנְד דָאס זֶענֶען דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא צְוֶועלְף שְׁלוּחִים. שִׁמְעוֹן, וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען פֶּעטְרוּס, אוּנְד זַיין בְּרוּדֶער אַנְדְרֵיעֶ. יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן זַבְדִי, אוּנְד זַיין בְּרוּדֶער יוֹחָנָן :

3 פִילִיפּוּס, אוּנְד בַּר תַּלְמַי, תּוֹמָא אוּנְד מַתְיָא דֶער מוֹכֵס. יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן אַלְפַי, אוּנְד לַבַּי, וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען תַּדָי :

4 שִׁמְעוֹן הַקַּנָּאִי, אוּנְד יְהוּדָה אִישׁ קְרִיּוֹת, דֶער וָואס הָאט אִיהְם אוֹיךְ פֶערְרַאטֶען :

5 דִיזֶע צְוֶועלְף הָאט יֵשׁוּעַ אוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאט זַייא בֶּעפוֹילֶען, אוּנְד גֶעזָאגְט, גֵייט נִיט אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דִיא גוֹיִם אוּנְד קוּמְט נִיט אִין דֶער שְׁטָאט פוּן דִיא שֹׁמְרוֹנִים :

6 גֵייעֶרְט גֵייט בֶּעסֶער צוּ דִיא פֶערְלוֹירֶענֶע שָׁאף פוּן דֶעם הוֹיז יִשְׂרָאֵל :

7 אוּנְד וֶוען אִיהְר גֵייט אַהִין, פְּרֶעדִיגְט אוּנְד זָאגְט, דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל אִיז נָאהֶענְט :

8 הֵיילְט דִיא קְרַאנְקֶע, רֵיינִיגְט דִיא וָואס זֶענֶען מְצוֹרָעִים, וֶועקְט אוֹיף דִיא טוֹיטֶע, טְרֵייבְּט אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים. אוּמְזוּנְסְט הָאט אִיהְר עֶנְטְפַאנְגֶען, אוּמְזוּנְסְט גִיבְּט אוֹיךְ :

9 נֶעמְט נִיט מִיט קֵיין גָאלְד, אוּנְד קֵיין זִילְבֶּער, אוּנְד קֵיין קוּפֶּער אִין אֵיירֶע בֵּייטְלֶען :

10 אוּנְד אוֹיךְ נִיט קֵיין זַאק אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד קֵיינֶע צְוֵוייא רֶעק, אוּנְד קֵיינֶע שִׁיךְ, אוּנְד קֵיין שְׁטֶעקֶען. וָוארִין דֶער אַרְבֵּייטֶער אִיז וֶוערְט זַיין עֶסֶען :

11 אוּנְד אִין וָואס פַאר אַ שְׁטָאט אָדֶער דָארְף אִיהְר וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען, פְּרֶעגְט נָאךְ וֶוער אִיז דָארְט אַ בְּכָבוֹדֶ'ר מַאן, אוּנְד בְּלֵייבְּט בֵּייא אִיהְם בִּיז אִיהְר וֶועט פוּן דָארְט אַוֶועק גֵיין :

12 אוּנְד וֶוען אִיהְר קוּמְט אִין אֵיין הוֹיז אַרֵיין, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר עֶס גְרִיסֶען :

13 אוּנְד וֶוען דָאס הוֹיז אִיז וֶוערְט לָאזְט אֵייעֶר פְרִידֶען דַארוֹיף קוּמֶען. וֶוען עֶס אִיז אָבֶּער נִיט וֶוערְט, אַזוֹי זָאל זִיךְ אֵייעֶר פְרִידֶען צוּ אֵייךְ אוּמְקֶעהְרֶען :

14 אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט אֵייךְ נִיט עֶנְטְפַאנְגֶען, אוּנְד וֶועט אֵיירֶע רֵייד נִיט הֶערֶען, וֶוען אִיהְר גֵייט אַרוֹיס פוּן דֶעם הוֹיז אָדֶער פוּן דֶער שְׁטָאט, אַזוֹי שָׁאקֶעלְט אַפִילוּ אָב דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן אֵיירֶע פִּיס :

15 פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס וֶועט אִין דֶעם יוֹם הַמִּשְׁפָּט לֵייכְטֶער דֶערְגֵיין פַאר דֶעם לַאנְד פוּן סְדוֹם אוּנְד עֲמוֹרָה, וִויא פַאר דִיזֶער שְׁטָאט :

16 זֶעהְט, אִיךְ שִׁיק אֵייךְ וִויא שָׁאף צְווִישֶׁען וֶועלְף. דָארוּם זַייט קְלוּג וִויא דִיא שְׁלַאנְגֶען, אוּנְד אָן פַאלְשְׁהֵייט אַזוֹי וִויא דִיא טוֹיבֶּען :

17 אָבֶּער הִיט אֵייךְ פַאר דִיא מֶענְשֶׁען. וָוארִין זַייא וֶועלֶען אֵייךְ אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערֶען צוּ דִיא סַנְהֶדְרִין, אוּנְד וֶועלֶען אֵייךְ שְׁלָאגֶען מִיט רִיטֶער אִין זֵיירֶע שׁוּלֶען :

18 אוּנְד אִיהְר וֶועט גֶעפִיהְרְט וֶוערֶען פָאר פִירְשְׁטֶען אוּנְד קֶענִיגֶע פוּן מֵיינֶעט וֶועגֶען, פַאר אֵיין צֵייגְנִיס צוּ זַייא אוּנְד דִיא גוֹיִם :

19 אוּנְד וֶוען זַייא וֶועלֶען אֵייךְ אִיבֶּערר עֶנְטְפֶערֶען, אַזוֹי זָארְגְט נִיט וִויא אוּנְד

וָואס אִיהְר זָאלט זָאגֶען. וָוארִין צוּ
דֶער שָׁעָה וֶועט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען
וָואס אִיהְר זָאלְט רֶעדֶען :
20 וָוארִין אִיהְר זֶענְט נִיט דִיא וָואס
רֶעדֶען, נֵייעֶרְט דֶער רוּחַ פוּן אֵייעֶר
פָאטֶער וָואס רֶעט אִין אֵייךְ :
21 אוּנְד אֵיין בְּרוּדֶער וֶועט דֶעם
אַנְדֶערֶען פֶערְרָאטֶען צוּם טוֹיט, אוּנְד
דֶער פָאטֶער זֵיין זוּהְן. אוּנְד קִינְדֶער
וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין קֶעגֶען זֵיירֶע עֶלְטֶער־
רֶען, אוּנְד וֶועלֶען זֵייא טֵייטֶען :
22 אוּנְד אִיהְר וֶועט גֶעהַאסְט וֶוערֶען
בֵּייא אַלֶע מֶענְשֶׁען פוּן מֵיין נָאמֶענְס
וֶועגֶען. אָבֶּער דֶער וָואס הַאלְט אוֹיס
בִּיז צוּם סוֹף וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען :
23 אוּנְד וֶוען זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ
פֶערְפָאלְגֶען אִין דִיזֶער שְׁטָאט, אַזוֹי
עֶנְטְלוֹיפְט צוּ דֶער אַנְדֶערְע. וָוארִין
פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ, אִיהְר וֶועט
נִיט דוּרְךְ גֵיין דִיא שְׁטֶעט פוּן יִשְׂרָאֵל,
בִּיז דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט קוּמֶען :
24 דֶער תַּלְמִיד אִיז נִיט אִיבֶּער זֵיין
רַבִּי, אוּנְד דֶער קְנֶעכְט אִיז נִיט אִיבֶּער
זֵיין הַאר :
25 עֶס אִיז גֶענוּג פַאר דֶעם תַּלְמִיד
אַז עֶר זָאל זֵיין אַזוֹי וִויא דֶער רַבִּי,
אוּנְד דֶער קְנֶעכְט אַזוֹי וִויא זֵיין הַאר.
וֶוען זֵייא הָאבֶּען דֶעם בַּעַל הַבַּיִת
גֶערוּפֶען בַּעַל זְבוּב, וִויא פִיל מֶעהְר
וֶועלֶען זֵייא זֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד אַזוֹי רוּפֶען :
26 דָארוּם פָארְכְט אֵייךְ נִיט פַאר
זֵייא, וָוארִין קֵיין זַאךְ אִיז נִיט פֶערְ־
הוֹילֶען, וָואס וֶועט נִיט עֶנְטְפְּלֶעקְט
וֶוערֶען, אוּנְד קֵיין זַאךְ אִיז נִיט פֶערְ־
בָּארְגֶען, וָואס וֶועט נִיט צוּ וִויסֶען
גֶעטְהוּן וֶוערֶען :
27 וָואס אִיךְ זָאג אֵייךְ אִין דֶער
פִינְסְטֶער, דָאס זָאגְט בֵּיים לִיכְט. אוּנְד
וָואס אִיהְר הֶערְט אִין אָהְר אַרֵיין
רוֹימֶען, דָאס רוּפְט אוֹיס אוֹיף דִיא
דֶעכֶער :
28 אוּנְד פָארְכְט אֵייךְ נִיט פַאר דִיא
וָואס טְהוּן אוּמְבְּרֶענְגֶען דֶעם גוּף, אָבֶּער
וָואס קֶענֶען נִיט אוּמְבְּרֶענְגֶען דִיא
נְשָׁמָה. נֵייעֶרְט פָארְכְט אֵייךְ בֶּעסֶער
פַאר דֶעם וָואס קֶען אוּמְבְּרֶענְגֶען דִיא
נְשָׁמָה אוּנְד דֶעם גוּף אִין גֵיהִנָּם :
29 פַארְקוֹיפְט מֶען נִיט צְוֵוייא פֵייגֶעל
פַאר אֵיין פְּרוּטָה ? אוּנְד קֵיינְס פוּן
זֵייא פַאלְט נִיט צוּ דֶער עֶרְד אָן אֵייעֶר
פָאטֶער :
30 אוּנְד אַפִילוּ דִיא הָאר פוּן אֵייעֶר
קָאפּ זֶענֶען אַלֶע גֶעצֵיילְט :
31 דָארוּם הָאט נִיט קֵיין מוֹרָא, וָוארִין
אִיהְר זֶענְט מֶעהְר וֶוערְט וִויא פִילֶע
פֵייגֶעל :
32 דָארוּם אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט מִיךְ
בֶּעקֶענֶען פַאר מֶענְשֶׁען, דֶעם וֶועל
אִיךְ בֶּעקֶענֶען פַאר מֵיין פָאטֶער וָואס
אִיז אִים הִימֶעל :
33 וֶוער עֶס וֶועט אָבֶּער מִיךְ פֶערְ־
לֵייקֶענֶען פַאר מֶענְשֶׁען, דֶעם וֶועל אִיךְ
אוֹיךְ פֶערְלֵייקֶענֶען פַאר מֵיין פָאטֶער
וָואס אִיז אִים הִימֶעל :
34 דֶענְקְט נִיט דָאס אִיךְ בִּין גֶע־
קוּמֶען שָׁלוֹם צוּ שִׁיקֶען אוֹיף דֶער עֶרְד,
אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען שָׁלוֹם צוּ שִׁיקֶען,
נֵייעֶרְט אַ שְׁוֶוערְט :
35 וָוארִין אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ זֶעצֶען
אֵיין מֶענְשׁ קֶעגֶען זֵיין פָאטֶער אוּנְד
אֵיינֶע טָאכְטֶער קֶעגֶען אִיהְרֶע מוּטֶער,
אוּנְד אֵיינֶע שְׁנוּר קֶעגֶען אִיהְרֶע שְׁווִיגֶער :
36 אוּנְד דִיא פֵיינְד פוּן אֵיין מֶענְשׁ
זֶענֶען זֵיין אֵייגֶען הוֹיזְגֶעזִינְד :

37 ווער עס ליבט פאטער אונד מוטער
מעהר וויא מיך, דער איז מיינער ניט
ווערט, אונד ווער עס ליבט זיין זוהן
אדער טאכטער מעהר וויא מיך, דער
איז מיינער ניט ווערט:
38 אונד ווער עס נעמט ניט זיין קרייץ
אונד פאלגט מיר ניט נאך, דער איז
מיינער ניט ווערט
39 דער וואס געפינט זיין לעבען,
וועט עס פערלירען, אונד דער וואס
פערלירט זיין לעבען פון מיינעט וועגען,
דער וועט עס געפינען:
40 ווער עס נעמט מיך אויף, דער
נעמט אויף דעם וואס האט מיך גע־
שיקט:
41 ווער עס נעמט אויף איין נביא
אים נאמען פון איין נביא, דער וועט
נעמען דעם שכר פון איין נביא, אונד
ווער עס נעמט אויף איין צדיק אים
נאמען פון איין צדיק, דער וועט נעמען
דעם שכר פון איין צדיק:
42 אונד דער וואס וועט געבען צו
טרינקען נור איין בעכער מיט קאלט
וואסער צו איינעם פון דיזע קליינע,
אים נאמען פון איין תלמיד, פארוואהר
זאג איך אייך, ער וועט ניט פערלירען
זיין שכר:

## קאפיטעל יא

1 אונד עס איז געוועזען ווען ישוע
האט אויפגעהערט זיינע צוועלף
תלמידים צו בעפעהלען, אזוי איז ער
פון דארטען ווייטער געגאנגען צו
לעהרען אונד צו פרעדיגען אין זייערע
שטעט:
2 אונד ווען יוחנן האט געהערט אים
געפענגניס דיא מעשים פון דעם משיח,
אזוי האט ער געשיקט צווייא פון זיינע
תלמידים:
3 אונד האט צו איהם געזאגט, ביזט
דוא דער וואס זאל קומען, אדער זאלען
מיר ווארטען אויף איין אנדערען?
4 אונד ישוע האט געענטפערט אונד
האט צו זייא געזאגט, גייט אונד ווייזט
יוחנן וואס איהר הערט אונד זעהט:
5 דיא בלינדע זעהען, אונד דיא לאמע
גייען ארום, דיא קרעציגע ווערען גע־
ריינגט, אונד דיא טויבע הערען, דיא
טויטע שטייען אויף, אונד צו דיא
ארימע ווערט דאס עוואנגעליום גע־
פרעדיגט:
6 אונד וואויל איז דעם וואס וועט זיך
ניט אן מיר אנשטויסען:
7 אונד וויא זייא זענען אוועק גע־
גאנגען, האט ישוע אנגעהויבען צו
דעם פאלק צו רעדען פון וועגען יוחנן.
וואס זענט איהר ארויס געגאנגען אין
דער מדבר אריין צו זעהען? איז עס
א ריטעל וואס שאקעלט זיך פון דעם
ווינד?
8 וואס דען זענט איהר ארויס גע־
גאנגען צו זעהען? איז עס א מענש
וואס גייט אנגעטאן אין פיינע
קליידער? זעהט, דיא וואס גייען
אנגעטאן אין פיינע קליידער זענען
אין דיא הייזער פון מלכים:
9 וואס דען זענט איהר ארויס גע־
גאנגען צו זעהען? א נביא? יוא
איך זאג אייך, אונד נאך מעהר וויא א
נביא:
10 ווארין דאס איז דער, פון וועלכען
עס שטייט געשריבען, איך שיק מיין
מלאך צו פאר דיר, אונד ער וועט דיין
וועג פאר דיר צובערייטען:
11 פארוואהר זאג איך אייך, צווישען

דִיא וָואס זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען פוּן ווייבֶּער
אִיז קֵיין גְרֶעסֶערֶער פוּן דֶעם יוֹחָנָן
הַמְטַבֵּל נִיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אָבֶּער
דֶער קְלֵיינְסְטֶער אִים קֶענִיגְרַייךְ פוּן
הִימֶעל אִיז גְרֶעסֶער ווִיא עֶר:
12 אוּנְד פוּן דִיא צַייט פוּן יוֹחָנָן
הַמְטַבֵּל אָן בִּיז יֶעצְט טְהוּט דָאס
קֶענִיגְרַייךְ פוּן הִימֶעל לֵיידֶען גֶעוואַאלְד
אוּנְד דִיא גֶעוואַאלְטִיגֶע רֵייסֶען עֶס צוּ
זִיךְ:
13 ווָארִין אַלֶע נְבִיאִים אוּנְד דִיא תּוֹרָה
הָאבֶּען נְבִיאוּת גֶעזָאגְט בִּיז יוֹחָנָן:
14 אוּנְד אוֹיבּ אִיהְר ווִילְט דָאס אָנְ־
נֶעמֶען, דִיזֶער אִיז אֵלִיָהוּ ווֶעלְכֶער זָאל
קוּמֶען:
15 דֶער וָואס הָאט אוֹירֶען צוּ הֶערֶען
דֶער זָאל הֶערֶען:
16 צוּ וָואס אָבֶּער זָאל אִיךְ דִיזֶעס
גֶעשְׁלֶעכְט פֶערְגְלֵייכֶען? עֶס אִיז גְלֵייךְ
צוּ קִינְדֶער וָואס זִיצֶען אוֹיף דֶעם
מַארְק, אוּנְד רוּפֶען זֵייעֶרֶע חֲבֵרִים:
17 אוּנְד זָאגֶען, מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ
גֶעפֵייפְט, אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט גֶעטַ־
טַאנְצְט. מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעקְלָאגְט,
אָבֶּער אִיהְר הָאט נִיט גֶעטְרוֹיעֶרְט:
18 ווָארִין יוֹחָנָן אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד
הָאט נִיט גֶעגֶעסֶען, אוּנְד נִיט גֶעטְרוּנְ־
קֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט עֶר
הָאט אַ שֵׁד:
19 אוּנְד דֶער בֶּן אָדָם אִיז גֶעקוּמֶען,
אוּנְד הָאט גֶעגֶעסֶען אוּנְד הָאט גֶעטְ־
רוּנְקֶען, אוּנְד זֵייא זָאגֶען, זֶעהְט, דֶער
מֶענְשׁ אִיז אַ זוֹלֵל וְסוֹבֵא, אַ פְרֵיינְד
פוּן מוֹכְסִים אוּנְד זִינְדֶער. אוּנְד דִיא
חָכְמָה ווֶערְט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט פוּן
אִיהְרֶע קִינְדֶער:
20 נָאכְדֶעם הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
שֶׁעלְטֶען דִיא שְׁטֶעט אִין ווֶעלְכֶע זֵייגֶע
מֵייסְטֶע גְבוּרוֹת זֶענֶען גֶעשֶׁעהֶען, ווייל
זֵייא הָאבֶּען נִיט קֵיין תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן:
21 ווֵייא צוּ דִיר כּוֹרָזִין, ווֵייא צוּ דִיר
בֵּית־צַיְדָה, ווָארִין ווֶען דִיא גְבוּרוֹת
ווָאס זֶענֶען אִין אֵייךְ גֶעטְהוּן גֶעווָארֶען
זָאלְטֶען גֶעטְהוּן ווֶערֶען אִין צוֹר אוּנְד
צִידוֹן, אַזוֹי הֶעטֶען זֵייא שׁוֹין לַאנְג
תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן אִין זַאק אוּנְד אַשׁ:
22 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ עֶס ווֶעט אִין
דֶעם יוֹם הַמִשְׁפָּט לֵייכְטֶער דֶערְגֵיין
פַאר צוֹר אוּנְד צִידוֹן ווִיא פַאר אֵייךְ:
23 אוּנְד דוּא כְּפַר־נָחוּם וָואס בִּיזְט
דֶערְהוֹיבֶּען בִּיז צוּם הִימֶעל, דוּא ווֶעסְט
אַרוּנְטֶער קוּמֶען בִּיז צוּ דֶעם שְׁאוֹל
אַרֵיין. ווָארִין ווֶען דִיא גְבוּרוֹת וָואס
זֶענֶען אִין דִיר גֶעטְהוּן גֶעווָארֶען זָאלְטֶען
גֶעטְהוּן ווֶערֶען אִין סְדוֹם, אַזוֹי וָואלְט
עֶס גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען
טָאג:
24 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, דָאס עֶס
ווֶעט לֵייכְטֶער דֶערְגֵיין פַאר סְדוֹם אִין
דֶעם יוֹם הַמִשְׁפָּט, ווִיא פַאר דִיר:
25 צוּ דֶערְזֶעלְבִּיגֶער צַייט הָאט יֵשׁוּעַ
גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ
דַאנְק דִיר, מֵיין פָאטֶער, הַאר פוּן
הִימֶעל אוּנְד עֶרְד, וָואס דוּא הָאסְט דִיא
זַאכֶען פֶערְהוֹילֶען פוּן דִיא קְלוּגֶע אוּנְד
פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע, אוּנְד הָאסְט זֵייא עֶנְט־
פְּלֶעקְט צוּ קְלֵיינֶע קִינְדֶער:
26 יוֹא! פָאטֶער, ווָארִין עֶס אִיז דִיר
אַזוֹי ווָאוֹילְגֶעפֶעלֶען:
27 אַלֶעס אִיז מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
פוּן מֵיין פָאטֶער. אוּנְד קֵיינֶער קֶען
נִיט דֶעם זוּהְן נֵייעֶרְט דֶער פָאטֶער.
אוּנְד קֵיינֶער קֶען נִיט דֶעם פָאטֶער,
נֵייעֶרְט דֶער זוּהְן, אוּנְד דֶער צוּ ווֶעלְכֶען

דֶער זוּהְן וֶועט אִיהְם וֶועלֶען עֶנְט־
פְּלֶעקֶען:
28 קוּמְט צוּ מִיר אַלֶע דִיא וָואס
זֶענֶען מִיד אוּנְד הָאבֶּען אַיינֶע שְׁוֶוערֶע
לַאסְט אוֹיף זִיךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל אַייךְ
רוּהֶע גֶעבֶּען:
29 נֶעמְט מַיין יָאךְ אוֹיף אַייךְ אוּנְד
לֶערֶענְט פוּן מִיר, וָוארִין אִיךְ בִּין
זַאנְפְטמוּטְהִיג, אוּנְד פוּן אַיין נִידְרִיגֶעס
גֶעמִיטְה, אוּנְד אִיהְר וֶועט גֶעפִינֶען
רוּהֶע צוּ אַיירֶע זֶעלֶען:
30 וָוארִין מַיין יָאךְ אִיז לַייכְט, אוּנְד
מַיינֶע לַאסְט אִיז גְרִינְג.

## קאפּיטעל יב

1 צוּ דִיזֶער צַייט אִיז יֵשׁוּעַ גֶעגַאנְגֶען
אַם שַׁבָּת דוּרְךְ תְּבוּאוֹת, אוּנְד זַיינֶע
תַּלְמִידִים זֶענֶען הוּנְגְרִיג גֶעוֶועזֶען, אוּנְד
הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען זַאנְגֶען אָפְּצוּפְּלִיקֶען
אוּנְד צוּ עֶסֶען:
2 וִויא דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען דָאס גֶע־
זֶעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, זֶעה, דֵיינֶע תַּלְמִידִים טְהוּן דָאס
וָואס מֶען טָאר נִיט טְהוּן אַם שַׁבָּת:
3 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
הָאט אִיהְר נִיט גֶעלֵיינְט וָואס דָוִד הָאט
גֶעטְהוּן וֶוען עֶס הָאט אִיהְם גֶעהוּנְגֶערְט,
אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם
גֶעוֶועזֶען:
4 וִויא עֶר אִיז אַרֵיין גֶעקוּמֶען אִין דֶעם
הוֹיז פוּן גָאט, אוּנְד הָאט גֶעגֶעסֶען
דָאס לֶחֶם הַפָּנִים, וָואס וַואר אִיהְם נִיט
דֶערְלוֹיבְּט צוּ עֶסֶען, אוּנְד אוֹיךְ נִיט צוּ
דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען,
נֵייעֶרְט פַאר דִיא כֹּהֲנִים אַלֵיין:
5 אָדֶער הָאט אִיהְר נִיט גֶעלֵיינְט אִין
דֶער תּוֹרָה, וַוייא דִיא כֹּהֲנִים זֶענֶען אַם
שַׁבָּת אִין בֵּית הַמִקְדָּשׁ מְחַלֵּל שַׁבָּת,
אוּנְד זֶענֶען אוּמְשׁוּלְדִיג?
6 אָבֶּער אִיךְ זָאג אַייךְ אַז הִיר אִיז
אַיינֶער וָואס אִיז גְרֶעסֶער וִויא דָאס
בֵּית הַמִקְדָּשׁ:
7 וֶוען אִיהְר וָואלְט אָבֶּער וִויסֶען וָואס
דָאס מֵיינְט, אִיךְ בֶּעגֶעהְר גְנָאד אוּנְד
נִיט קָרְבָּנוֹת, אַזוֹי הֶעט אִיהְר נִיט
פֶערְשׁוּלְדִיגְט דִיא אוּמְשׁוּלְדִיגֶע:
8 וָוארִין דֶער בֶּן־אָדָם אִיז אַיין הַאר
אַפִּילוּ אִיבֶּער דֶעם שַׁבָּת:
9 אוּנְד עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען וַוייטֶער
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען אִין זַייעֶר
שׁוּל אַרֵיין:
10 אוּנְד זֶעה, דָא אִיז גֶעוֶועזֶען אַיין
מַאן וָואס הָאט גֶעהַאט אַיינֶע פֶערְ־
דַארְטֶע הַאנְד; אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיז עֶס דֶערְ־
לוֹיבְּט אַם שַׁבָּת צוּ הַיילֶען? כְּדֵי
זַייא זָאלֶען אִיהְם קֶענֶען פֶערְקְלָאגֶען:
11 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
וֶועלְכֶער מֶענְשׁ אִיז דָא צְוִוישֶׁען אַייךְ,
וָואס זָאל הָאבֶּען אַיין שָׁאף, אוּנְד עֶס
וֶועט אִין אַ גְרוּב אַרֵיינְפַאלֶען אַם שַׁבָּת,
וֶועט עֶר עֶס נִיט אָנְנֶעמֶען אוּנְד אַרוֹיס־
הֵייבֶּען?
12 וִויא פִיל מֶעהְר דֶען אִיז אַיין
מֶענְשׁ בֶּעסֶער וִויא אַיין שָׁאף? דָארוּם אִיז
עֶס דֶערְלוֹיבְּט גוּטֶעס צוּ טְהוּן אַם שַׁבָּת:
13 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר צוּ דֶעם מַאן
גֶעזָאגְט, שְׁטְרֶעק אוֹיס דֵיינֶע הַאנְד.
אַזוֹי הָאט עֶר זִיא אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט,
אוּנְד זִיא אִיז וִוידֶער גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען
אַזוֹי וִויא דִיא אַנְדֶערֶע:
14 וֶוען דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען, הָאבֶּען זַייא אַיין עֵצָה גֶעהַאלְ־
טֶען קֶעגֶען אִיהְם דָאס זַייא זָאלֶען
אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען:

15 אָבֶער יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעוְואוּסְט,
אוּנְד אִיז פוּן דָארְט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.
אוּנְד אַיין גְרוֹיסֶעס פָאלְק אִיז אִיהְם
נָאכְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַלֶע
גֶעהַיילְט:
16 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעזָאגְט דָאס
זֵייא זָאלֶען אִיהְם נִיט בֶּעקַאנְט מַאכֶען:
17 כְּדֵי עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען וָואס
אִיז גֶעזָאגְט דוּרְךְ יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא וָואס
הָאט גֶעזָאגְט:
18 זֶעה, דָאס אִיז מֵיין קְנֶעכְט, וָואס
אִיךְ הָאבּ אוֹיסְעֶרְוֵויילְט, מֵיין גֶעלִיבְּטֶער
אִין וֶועלְכֶען מֵיינֶע זֶעלֶע הָאט וְואוֹילְ־
גֶעפַאלֶען, אִיךְ וֶועל מֵיין רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ
אוֹיף אִיהְם גֶעבֶּען, אוּנְד עֶר וֶועט
לֶעהְרֶען דָאס גֶערִיכְט צוּ דִיא פֶעלְקֶער:
19 עֶר וֶועט נִיט צַאנְקֶען, אוּנְד וֶועט
נִיט שְׁרֵייעֶן, אוּנְד קֵיינֶער וֶועט זֵיין קוֹל
הֶערֶען אוֹיף דֶער גַאס:
20 אַ צוּקְנֶועטְשְׁטֶען שְׁטֶעקֶען וֶועט עֶר
נִיט צוּבְּרֶעכֶען, אוּנְד דָאס רֵייכֶערְדִיגֶע
פְלַאקְס וֶועט עֶר נִיט פֶערְלֶעשֶׁען, בִּיז
עֶר וֶועט אוֹיסְשִׁיקֶען דָאס גֶערִיכְט צוּם
זִיג:
21 אוּנְד דִיא גוֹיִם וֶועלֶען הָאפֶען
אִין זֵיין נָאמֶען:
22 דֶערְנָאךְ הָאט מֶען צוּ אִיהְם גֶע־
בְּרַאכְט אֵיינֶעם וָואס הָאט גֶעהַאט אַ
שֵׁד, אוּנְד עֶר וַואר בְּלִינְד אוּנְד שְׁטוּם.
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעהֵיילְט, אַזוֹי
דָאס דֶער בְּלִינְדֶער אוּנְד שְׁטוּמֶער הָאט
גֶערֶעט אוּנְד גֶעזֶעהֶען:
23 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט זִיךְ
גֶעוְואוּנְדֶערְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיז
דָאס נִיט דֶער זוּהְן פוּן דָוִד?
24 אוּנְד וֶוען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען דָאס
גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, עֶר
טְרֵייבְּט נִיט אַנְדֶערְש אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים
דֶען נוּר דוּרְךְ בַּעַל־זְבוּב, דֶעם אוֹיבֶּער־
שְׁטֶען פוּן דִיא שֵׁדִים:
25 אָבֶער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעוְואוּסְט זֵייעֶרֶע
גֶעדַאנְקֶען, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיטְלִיכֶעס קֶענִיגְרֵייךְ וָואס אִיז נִיט
אֵיינִיג מִיט זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אוּנְד אִיטְלִיכֶע
שְׁטָאט אָדֶער הוֹיז וָואס אִיז נִיט אֵיינִיג
מִיט זִיךְ קֶען נִיט בֶּעשְׁטֵיין:
26 אוּנְד וֶוען דֶער שָׂטָן טְרֵייבְּט אַרוֹיס
דֶעם שָׂטָן, אַזוֹי אִיז עֶר נִיט אֵיינִיג מִיט
זִיךְ זֶעלְבְּסְט. אוּנְד וִויא אַזוֹי קֶען זֵיין
קֶענִיגְרֵייךְ בֶּעשְׁטֵיין?
27 אוּנְד וֶוען אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס דִיא
שֵׁדִים דוּרְךְ בַּעַל־זְבוּב, דוּרְךְ וֶועמֶען
טְרֵייבֶּען זֵיא אֵיירֶע קִינְדֶער אַרוֹיס?
דָארוּם וֶועלֶען זֵייא אֵיירֶע רִיכְטֶער
זֵיין:
28 אָבֶער וֶוען אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס דִיא
שֵׁדִים דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט פוּן גָאט, אַזוֹי
אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט צוּ אֵייךְ
גֶעקוּמֶען:
29 אָדֶער וִויא אַזוֹי קֶען אֵיינֶער אַרֵיינְ־
קוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן אַיין שְׁטַארְקֶען
מַאן, אוּנְד אִיהְם זֵיינֶע זַאכֶען רוֹיבֶּען,
אוֹיסְגֶענוּמֶען דָאס עֶר וֶועט פְרִיהֶער
דֶעם שְׁטַארְקֶען בִּינְדֶען, אוּנְד דֶערְנָאךְ
וֶועט עֶר אִיהְם זֵיינֶע זַאכֶען רוֹיבֶּען:
30 וֶוער עֶס אִיז נִיט מִיט מִיר, דֶער
אִיז קֶעגֶען מִיר, אוּנְד וֶוער עֶס זַאמֶעלְט
נִיט מִיט מִיר, דֶער טְהוּט צוּשְׁפְּרֵייטֶען:
31 דָארוּם זָאג אִיךְ אֵייךְ, דָאס אַלֶע
זִינְד אוּנְד לֶעסְטֶערְקֵייט וֶועט דֶעם
מֶענְשֶׁען פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען, אָבֶער דִיא
לֶעסְטֶערְקֵייט קֶעגֶען דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ
וֶועט דֶעם מֶענְשֶׁען נִיט פֶערְגֶעבֶּען
וֶוערֶען:

32 אוּנְד װֶער עֶס װֶעט רֶעדֶען אֵיין
װָאָרְט קֶעגֶען דֶעם בֶּן־אָדָם, װֶעט עֶס
אִיהְם פֶֿערְגֶעבֶּען װֶערֶען. אָבֶּער װֶער
עֶס װֶעט רֶעדֶען קֶעגֶען דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ,
אִיהְם װֶעט עֶס נִיט פֶֿערְגֶעבֶּען װֶערֶען,
נִיט אוֹיף דִיזֶער װֶעלְט, אוּנְד נִיט אוֹיף
יֶענֶער װֶעלְט:
33 עֶנְטװֶעדֶער זֶעצְט אַ גוּטֶען בּוֹים,
אוּנְד דִיא פְֿרוּכְט אִיז גוּט; אָדֶער זֶעצְט
אַ שְׁלֶעכְטֶען בּוֹים אוּנְד דִיא פְֿרוּכְט אִיז
שְׁלֶעכְט. װָארִין אָן דֶער פְֿרוּכְט דֶערְקֶענְט
מֶען דֶעם בּוֹים:
34 אִיהְר קִינְדֶער פֿוּן שְׁלַאנְגֶען וִויא
אַזוֹי קֶענְט אִיהְר גוּטֶעס רֶעדֶען, װֶען
אִיהְר זַייט שְׁלֶעכְט? װָארִין פֿוּן דֶעם װָאס
דָאס הַאַרְץ אִיז פֿוּל רֶעט דָאס מוֹיל:
35 אַ גוּטֶער מֶענְשׁ בְּרֶענְגְט אַרוֹיס
גוּטֶעס פֿוּן דֶעם שַׁאץ פֿוּן הַאַרְץ, אוּנְד אַ
שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ בְּרֶענְגְט אַרוֹיס שְׁלֶעכְ־
טֶעס פֿוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען שַׁאץ:
36 אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ, דָאס פַֿאר
יֶעדֶעס אוּנְנִיצְלִיכֶע װָארְט, דָאס דִיא
מֶענְשֶׁען װֶעלֶען רֶעדֶען, װֶעלֶען זֵייא
מוּזֶען רֶעכֶענְשַׁאפְֿט גֶעבֶּען אַם יוֹם
הַמִּשְׁפָּט:
37 װָארִין בֵּייא דֵיינֶע װֶערְטֶער װֶעסְט
דוּא גֶערֶעכְטפֶֿערְטִיגְט װֶערֶען, אוּנְד
בֵּייא דֵיינֶע װֶערְטֶער װֶעסְט דוּא פֶֿערְ־
שׁוּלְדִיגְט װֶערֶען:
38 אוּנְד אֵיינִיגֶע פֿוּן דִיא סוֹפְֿרִים
אוּנְד פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעעֶנְטפֶֿערְט, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, רַבִּי, מִיר װָאלְטֶען
גֶערְן זֶעהֶען פֿוּן דִיר אֵיין צֵייכֶען:
39 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶֿערְט, אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אֵיין בֵּייזֶעס
אוּנְד אוּנְקֵיישֶׁענְדֶעס גֶעשְׁלֶעכְט זוּכְט
אֵיין צֵייכֶען; אוּנְד עֶס װֶעט זֵייא קֵיין
אַנְדֶערֶער צֵייכֶען נִיט גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען,
גֵייעֶרְט דָאס צֵייכֶען פֿוּן יוֹנָה הַנָּבִיא:
40 װָארִין אַזוֹי וִויא יוֹנָה אִיז גֶעוֶועזֶען
אִין דִיא גֶעדֶערְם פֿוּן דֶעם פִֿישׁ דְרֵייא
טֶעג אוּנְד דְרֵייא נֶעכְט, אַזוֹי װֶעט דֶער
בֶּן־אָדָם זַיין אִין דֶעם הַאַרְץ פֿוּן דֶער
עֶרְד דְרֵייא טֶעג אוּנְד דְרֵייא נֶעכְט:
41 דִיא לֵייט פֿוּן נִינְוֵה װֶעלֶען אוֹיפְֿ־
שְׁטֵיין צוּם מִשְׁפָּט מִיט דִיזֶען דוֹר,
אוּנְד װֶעלֶען עֶס פֶֿערְשׁוּלְדִיגֶען, װָארִין
זֵייא הָאבֶּען תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן בֵּייא דֶער
פְֿרֶעדִיגְט פֿוּן יוֹנָה אוּנְד זֶעה, הִיר אִיז
אֵיין גְרֶעסֶערֶער וִויא יוֹנָה:
42 דִיא מַלְכָּה פֿוּן תֵּימָן װֶעט אוֹיפְֿ־
שְׁטֵיין צוּם גֶערִיכְט מִיט דִיזֶען דוֹר,
אוּנְד װֶעט עֶס פֶֿערשׁוּלְדִיגֶען, װָארִין
זִיא אִיז גֶעקוּמֶען פֿוּן דֶעם עֶק װֶעלְט
צוּ הֶערֶען דִיא חָכְמָה פֿוּן שְׁלֹמֹה; אוּנְד
זֶעה, הִיר אִיז אַ גְרֶעסֶערֶער וִויא שְׁלֹמֹה:
43 אוּנְד װֶען דֶער אוּנְרֵיינֶער גֵייסְט
גֵייט אַרוֹיס פֿוּן אֵיין מֶענְשׁ, אַזוֹי וַואנְ־
דֶערְט עֶר אַרוּם אִין װִיסְטֶע עֶרְטֶער,
אוּנְד זוּכְט רוּהֶ, אוּנְד גֶעפִֿינְט עֶס נִיט:
44 דֶערְנָאךְ זָאגְט עֶר, אִיךְ װֶעל װִידֶער
צוּרִיק גֵיין אִין מֵיין הוֹיז אַרֵיין פֿוּן
װַאנֶען אִיךְ בִּין אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען; אוּנְד
װֶען עֶר קוּמְט אַזוֹי גֶעפִֿינְט עֶר עֶס
לֵיידִיג, אוּנְד אוֹיסגֶעקֶעהְרְט אוּנְד
גֶעפּוּצְט:
45 אַזוֹי גֵייט עֶר אוּנְד נֶעמְט מִיט זִיךְ
זִיבֶּען אַנְדֶערֶע רוּחוֹת נָאךְ עֶרְגֶער וִויא
עֶר, אוּנְד קוּמְט אַרֵיין אוּנְד וְואוֹינְט
דָארְטֶען. אוּנְד דֶער סוֹף פֿוּן דִיזֶען
מֶענְשׁ אִיז נָאךְ עֶרְגֶער וִויא פְֿרִיהֶער,
אַזוֹי װֶעט עֶס אוֹיךְ זַיין מִיט דִיזֶען
שְׁלֶעכְטֶען גֶעשְׁלֶעכְט:
46 אוּנְד וְוייל עֶר הָאט נָאךְ צוּ דֶעם

פָאלְק גֶערֶעדֶעט, אַזוֹי זֶענֶען זַיינֶע
מוּטֶער אוּנְד בְּרִידֶער פוּן דְרוֹיסֶען
גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאבֶּען מִיט אִיהְם
גֶעוָואלְט רֶעדֶען:
47 אוּנְד אֵיינֶער הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, דֵיינֶע מוּטֶער אוּנְד דֵיינֶע בְּרִידֶער
שְׁטֵייְן דְרוֹיסֶען, אוּנְד ווִילֶען מִיט דִיר
רֶעדֶען:
48 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם וָואס הָאט אִיהְם
דָאס גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז מֵיינֶע מוּטֶער?
אוּנְד וֶוער זֶענֶען מֵיינֶע בְּרִידֶער?
49 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט
זַיינֶע הַאנְד צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, זֶעהְט (דָאס זֶענֶען) מֵיינֶע
מוּטֶער אוּנְד מֵיינֶע בְּרִידֶער:
50 וָוארִין וֶוער עֶס וֶועט טְהוּן דֶעם
ווִילֶען פוּן מֵיין פָאטֶער וָואס אִיז אִים
הִימֶעל, דֶער אִיז מֵיין בְּרוּדֶער, אוּנְד
מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, אוּנְד מֵיינֶע מוּטֶער:

קאַפִּיטֶעל יג

1 אִין דֶעם זֶעלְבֶּען טָאג אִיז יֵשׁוּעַ
אוֹיס דֶעם הוֹיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
הָאט זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט בֵּיים יַם:
2 אוּנְד אֵיין גְרוֹיס פָאלְק הָאט זִיךְ צוּ
אִיהְם פֶערְזַאמֶעלְט, אוּנְד עֶר אִיז אִין
אֵיין שִׁיף אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז
גֶעזֶעסֶען: אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז
גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיים בָּארְטֶען:
3 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא פִיל גֶערֶעדֶעט
דוּרְךְ מְשָׁלִים, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אֵיין
זַייעֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען צוּ זַייעֶן:
4 אוּנְד ווִיא עֶר הָאט גֶעזַייעט, זֶענֶען
עֶטְלִיכֶע זָאמֶען גֶעפַאלֶען בֵּיים וֶועג,
אוּנְד דִיא פֵייגֶעל זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאבֶּען עֶס אוֹיפְגֶעגֶעסֶען:
5 אוּנְד ווִידֶער עֶטְלִיכֶע זֶענֶען גֶע־
פַאלֶען אוֹיף שְׁטֵיינֶערְדִיגֶען גְרוּנְד, וְואוּ
עֶס הָאט נִיט גֶעהַאט פִיל עֶרְד. אוּנְד
עֶס הָאט בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאצְט, ווייל
עֶס הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע טִיפֶע עֶרְד:
6 אוּנְד ווִיא דִיא זוּן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען,
אַזוֹי הָאט עֶס זִיךְ דֶערְהִיצְט; אוּנְד
ווייל עֶס הָאט קֵיינֶע וָוארְצֶעל נִיט גֶע־
הַאט, אִיז עֶס פֶערְדַארְט גֶעוָוארֶען:
7 אוּנְד עֶטְלִיכֶע זֶענֶען גֶעפַאלֶען צְווִי־
שֶׁען דֶערְנֶער; אוּנְד דִיא דֶערְנֶער זֶענֶען
אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען עֶס דֶערְ־
שְׁטִיקְט:
8 אוּנְד עֶטְלִיכֶע זֶענֶען ווִידֶער גֶעפַאלֶען
אוֹיף גוּטֶען גְרוּנְד, עֶס הָאט גֶעטְרָאגֶען
פְרוּכְט, מַאנְכֶע הוּנְדֶערְטפֶעלְטִיג, אוּנְד
מַאנְכֶע זֶעכְצִיגְפֶעלְטִיג, אוּנְד מַאנְכֶע
דְרֵייסִיגְפֶעלְטִיג:
9 וֶוער עֶס הָאט אוֹירֶען צוּ הֶערֶען
זָאל עֶס הֶערֶען:
10 אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, וָוארוּם רֶעדְסְט דוּא צוּ זַייא אִין
מְשָׁלִים?
11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, אוּנְד
הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, צוּ אֵייךְ אִיז
גֶעגֶעבֶּען, אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען דֶעם
סוֹד פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּם הִימֶעל,
אָבֶּער צוּ זַייא אִיז עֶס נִיט גֶעגֶעבֶּען:
12 וָוארִין וֶוער עֶס הָאט, צוּ דֶעם
וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד עֶר וֶועט
אִיבְּרִיג הָאבֶּען. אָבֶּער דֶער וָואס הָאט
נִיט, פוּן דֶעם וֶועט דָאס וָואס עֶר הָאט
אוֹיךְ אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען:
13 דָארוּם רֶעד אִיךְ צוּ אֵייךְ אִין
מְשָׁלִים, וָוארִין זֶעהֶענְדִיג טְהוּן זַייא נִיט
זֶעהֶען, אוּנְד הֶערֶענְדִיג טְהוּן זַייא נִיט
הֶערֶען, אוּנְד פֶערְשְׁטֵיין אוֹיךְ נִיט:

14 אוּנְד אִין זֵייא אִיז דֶערְפִילְט דִיא
נְבוּאָה פוּן יְשַׁעְיָה, װֶעלְכֶע זָאגְט, הֶערֶען
װֶעט אִיהְר הֶערֶען, אוּנְד װֶעט נִיט
פֶערְשְׁטֵיין. אוּנְד זֶעהֶען װֶעט אִיהְר
זֶעהֶען, אוּנְד װֶעט נִיט װִיסֶען:
15 װָארִין דָאס הַארְץ פוּן דִיזֶעם פָאלְק
אִיז פֶעט גֶעװָארֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען
זֶענֶען שְׁװֶער צוּ הֶערֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע
אוֹיגֶען זֶענֶען צוּגֶעמַאכְט, פִילֵייכְט װֶעלֶען
זֵייא זֶעהֶען מִיט זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוּנְד
הֶערֶען מִיט זֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען, אוּנְד פֶער־
שְׁטֵיין מִיט זֵייעֶר הַארְץ, אוּנְד װֶעלֶען
זִיךְ װִידֶער קֶערֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל זֵייא
הֵיילֶען:
16 אוּנְד װָאוֹיל אִיז אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען דָאס
זֵייא זֶעהֶען, אוּנְד אֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען דָאס
זֵייא הֶערֶען:
17 װָארִין פַארְװָאהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ,
דָאס פִילֶע נְבִיאִים אוּנְד צַדִיקִים הָאבֶּען
פֶערְלַאנְגְט צוּ זֶעהֶען װָאס אִיהְר זֶעהְט,
אוּנְד הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעזֶעהֶען; אוּנְד
צוּ הֶערֶען װָאס אִיהְר הֶערְט, אוּנְד
הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעהֶערְט:
18 דָארוּם הֶערְט אִיהְר דָאס מָשָׁל פוּן
דֶעם זֵייעֶר:
19 אִיטְלִיכֶער װָאס הֶערְט דָאס װָארְט
פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ אוּנְד פֶערְשְׁטֵייט
עֶס נִיט, אַזוֹי קוּמְט דֶער בֵּייזֶער, אוּנְד
רַייסְט אוֹיס דָאס װָאס אִיז גֶעזֵייעֶט אִין
זַיין הַארְץ; דָאס אִיז דֶער װָאס זֵייעֶט
בֵּיים װֶעג:
20 אוּנְד דֶער װָאס זֵייעֶט אוֹיף דֶעם
שְׁטֵיינֶערְדִיגֶען גְרוּנְד, אִיז דֶער װָאס
הֶערְט דָאס װָארְט אוּנְד נֶעמְט עֶס
בַּאלְד אָן מִיט אַ פְרֵייד:
21 אָבֶּער עֶר הָאט נִיט אִין זִיךְ קֵיין
װָארְצֶעל, אוּנְד בְּלֵייבְּט נוּר פַאר אֵיינֶע
צַייט; אוּנְד װֶען עֶס קוּמֶען לֵיידֶען אוּנְד
פֶערְפָאלְגוּנְג װֶעגֶען דֶעם װָארְט, אַזוֹי
טְהוּט עֶר זִיךְ בַּאלְד אָנְשְׁטוֹיסֶען:
22 אוּנְד דֶער װָאס זֵייעֶט צְװִישֶׁען
דֶערְנֶער, אִיז דֶער װָאס הֶערְט דָאס
װָארְט, אוּנְד דִיא זָארְג פוּן דִיזֶער װֶעלְט,
אוּנְד דֶער בֶּעטְרוּג פוּן רֵייכְטוּם, דֶער־
שְׁטִיקְט דָאס װָארְט, אוּנְד עֶס בְּלֵייבְּט
אָהְן פרוּכְט:
23 אוּנְד דֶער װָאס זֵייעֶט אוֹיף גוּטֶען
גְרוּנְד, אִיז דֶער װָאס הֶערְט דָאס װָארְט
אוּנְד פֶערְשְׁטֵייט עֶס; אוּנְד עֶר טְרָאגְט
אוֹיךְ פְרוּכְט, אוּנְד אֵיינֶער בְּרֶענְגְט
הוּנְדֶערְטפֶעלְטִיג, אוּנְד אֵיינֶער זֶעכְצִיג־
פֶעלְטִיג, אוּנְד אֵיינֶער דְרֵייסִיגפֶעלְטִיג:
24 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא אֵיין אַנְדֶער
מָשָׁל פָארְגֶעלֵייגְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל אִיז גְלֵייךְ
צוּ אֵיין מַאן װָאס זֵייעֶט גוּטֶען זָאמֶען
אִין זַיין פֶעלְד:
25 אוּנְד װֶען דִיא לֵייט הָאבֶּען גֶע־
שְׁלָאפֶען, אִיז זַיין פֵיינְד גֶעקוּמֶען, אוּנְד
הָאט גֶעזֵייעֶט שְׁלֶעכְט גְרָאז צְװִישֶׁען
דֶעם װֵייץ, אוּנְד אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען:
26 אוּנְד װֶען דָאס גְרָאז הָאט אַרוֹיס
גֶעשְׁפְּרָאצְט, אוּנְד הָאט פְרוּכְט גֶע־
טְרָאגֶען, אַזוֹי הָאט זִיךְ דָאס שְׁלֶעכְטֶע
גְרָאז אוֹיךְ גֶעװִיזֶען:
27 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם בַּעַל
הַבַּיִת זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, הָאסְט דוּא נִיט
גֶעזֵייעֶט גוּטֶען זָאמֶען אִין דַיין פֶעלְד?
פוּן װַאנֶען הָאט עֶס דֶען דָאס שְׁלֶעכְטֶע
גְרָאז?
28 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אֵיין פֵיינְד הָאט דָאס גֶעטְהוּן. אוּנְד
דִיא קְנֶעכְט הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,

ווילסט דוּא דֶען דָאס מִיר זָאלֶען גֵיין אוּנְד זָאלֶען עֶס אויסְרֵייסֶען ?

29 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, נֵיין. וָוארִין טָאמֶער וֶוען אִיהְר וֶועט דָאס שְׁלֶעכְטֶע גְרָאז אויסְרֵייסֶען, וֶועט אִיהְר דַאמִיט דֶעם ווייץ אויךְ אויס־וְואוּרצְלֶען :

30 לָאזְט זֵייא בֵּיידֶע צוּזַאמֶען וַואקְסֶען בִּיז צוּ דֶער שְׁנִיטְצֵייט ; אוּנְד אִין דֶער שְׁנִיטְצֵייט וֶועל אִיךְ זָאגֶען צוּ דִיא שְׁנֵיידֶערְס, רֵייסְט פְרִיהֶער אוֹיס דָאס שְׁלֶעכְטֶע גְרָאז, אוּנְד בִּינְט עֶס צוּזַאמֶען אִין בִּינְדְלֶעךְ, דָאס מֶען זָאל עֶס פֶער־בְּרֶענֶען. אוּנְד זַאמֶעלְט אֵיין דֶעם ווייץ אִין מֵיינֶע שְׁפֵּייכְלֶער אַרֵיין :

31 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא אֵיין אַנְדֶער מָשָׁל פָארְגֶעלֵייגְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל אִיז גְלֵייךְ צוּ אֵיין זֶענְפְטקָארֶען, וָואס אֵיין מַאן הָאט גֶענוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעזֵייעֶט אִין זֵיין פֶעלְד :

32 דָאס אִיז דָאס קְלֵיינְסְטֶע פוּן אַלֶע זָאמֶען, אָבֶּער וֶוען עֶס וַואקְסט אויף, אַזוֹי אִיז עֶס דָאס גְרֶעסְטֶע פוּן אַלֶע קְרֵייטֶער, אוּנְד עֶס וֶוערְט אֵיין בּוֹים, וָואס דִיא פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל קוּמֶען אוּנְד מַאכֶען זִיךְ אֵיין נֶעסְט צְווִישֶׁען דִיא צְוֵוייגֶען :

33 אוּנְד עֶר הָאט נָאךְ אֵיין אַנְדֶער מָשָׁל צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל אִיז גְלֵייךְ צוּ זוֹיעֶרְטֵייג, וָואס אֵיינֶע פְרוֹי הָאט גֶענוּמֶען אוּנְד הָאט בֶּעהַאלְטֶען אוּנְטֶער דְרֵייא מֶעסְטְלִיךְ מֶעהְל, בִּיז דָאס גַאנְצֶע אִיז גֶעזֵייעֶרְט גֶעוָוארֶען :

34 דָאס אַלֶעס הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּם פָאלְק אִין מְשָׁלִים, אוּנְד אָהְן מְשָׁלִים הָאט עֶר צוּ זֵייא נִיט גֶערֶעט :

35 כְּדֵי עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען וָואס עֶס אִיז גֶעזָאגְט דוּרְךְ דֶעם נָבִיא, דֶער דָא זָאגְט, אִיךְ וֶועל אויפְמַאכֶען מֵיין מוֹיל דוּרְךְ מְשָׁלִים, אִיךְ וֶועל רֶעדֶען וָואס אִיז בֶּעהַאלְטֶען גֶעוֶועזֶען פוּן אָנְפַאנְג פוּן דֶער וֶועלְט :

36 נָאכְדֶעם הָאט יֵשׁוּעַ דָאס פָאלְק אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד אִיז אִים הוֹיז אַרֵיינ־גֶעקוּמֶען. דָא זֶענֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, לֵייג אוּנְס אוֹיס דָאס מָשָׁל פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען גְרָאז פוּן פֶעלְד :

37 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער וָואס זֵייעֶט דֶען גוּטֶען זָאמֶען אִיז דֶער בֶּן־אָדָם :

38 דָאס פֶעלְד אִיז דִיא וֶועלְט. דֶער גוּטֶער זָאמֶען זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ. אוּנְד דָאס שְׁלֶעכְטֶע גְרָאז זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם בֵּייזֶען :

39 דֶער פֵיינְד וָואס הָאט גֶעזֵייעֶט אִיז שָׂטָן. דִיא שְׁנִיטְצֵייט אִיז דָאס עֶנְד פוּן דֶער וֶועלְט, אוּנְד דִיא שְׁנֵיידֶערְס זֶענֶען דִיא מַלְאָכִים :

40 דָארוּם אַזוֹי וִויא דָאס שְׁלֶעכְטֶע גְרָאז וֶוערְט אויסְגֶערִיסֶען, אוּנְד פֶער־בְּרֶענְט אִים פֵייעֶר ; אַזוֹי וֶועט עֶס אויךְ זֵיין בֵּיים עֶנְד פוּן דִיזֶער וֶועלְט :

41 דֶער בֶּן אָדָם וֶועט זֵיינֶע מַלְאָכִים שִׁיקֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אויסְזַאמְלֶען פוּן זֵיין קֶענִיגְרֵייךְ אַלֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען, אוּנְד דִיא וָואס טְהוּן אוּנְרֶעכְט :

42 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵייא אִין אֵיין פֵייעֶרִיגֶען אויפֶען אַרֵיינְוַוארְפֶען. דָארְטֶען וֶועט זֵיין גֶעוֵויין אוּנְד צֵיינְקְלַאפֶּערֵייעֶן :

43 דֶענְצְמָאלְט וֶועלֶען דִיא צַדִיקִים שֵׁיינֶען וִויא דִיא זוּן, אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן

זייער פָאטער. װער עס הָאט אויערֶען צו הערֶען, לָאז ער הערֶען:

44 נָאךְ אַמָאל, דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן הִימֶעל אִיז אויךְ גְלַייךְ צוּ אֵיין אוֹצָר וָואס אִיז בֶּעהַאלְטֶען אִים פֶעלְד, וֶועלְכֶעס אֵיין מַאן גֶעפִינְט אוּנְד בֶּעהַאלְט עֶס, אוּנְד פַאר שִׂמְחָה גֵייט עֶר אַװעק, אוּנְד פֶערְקוֹיפְט אַלֶעס וָואס עֶר הָאט, אוּנְד קוֹיפְט דָאס פֶעלְד:

45 נָאךְ אַמָאל, דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן הִימֶעל אִיז גְלַייךְ צוּ אֵיין סוֹחֵר וָואס זוּכְט גוּטֶע פֶּערְל:

46 אוּנְד וֶוען עֶר גֶעפִינְט אֵיינֶע זֵייעֶר טֵייעֶרֶע פֶּערְל, אַזוֹי גֵייט עֶר אוּנְד פֶערְקוֹיפְט אַלֶעס וָואס עֶר הָאט אוּנְד קוֹיפְט עֶס:

47 נָאךְ אַמָאל, דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן הִימֶעל אִיז גְלַייךְ צוּ אֵיין נֶעץ וָואס וֶוערְט אִין יַם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען, אוּנְד וָואס חַאפְּט פוּן אַלֶערְלֵייא מִינִים:

48 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז פוּל, צִיהְט מֶען עֶס אַרוֹיס צוּם בְּרֶעג, אוּנְד מֶען זֶעצְט זִיךְ אַנִידֶער אוּנְד מֶען קְלַויבְּט אוֹיס דִיא גוּטֶע אִין דִיא כֵּלִים אַרֵיין, אוּנְד דִיא שְׁלֶעכְטֶע וַוארְפְט מֶען אַװעק:

49 אַזוֹי וֶועט עֶס זַיין אַם עֶנְד פוּן דֶער וֶועלְט. דִיא מַלְאָכִים וֶועלֶען אוֹיסגֵיין, אוּנְד וֶועלֶען אָפְּשֵׁיידֶען דִיא רְשָׁעִים פוּן צְוִוישֶׁען דִיא צַדִיקִים:

50 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵייא אִין אֵיין פַייעֶרִיגֶען אוֹיפֶען אַרֵיינְוַוארְפֶען. דָארְטֶען וֶועט זַיין גֶעוויין אוּנְד צֵיינְקְלַאפֶּערַייא:

51 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הָאט אִיהְר דָאס אַלֶעס פֶערְשְׁטַאנֶען? אוּנְד זֵייא הָאבֶען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, יוֹיא, הַאר:

52 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דָארוּם אִיטְלִיכֶער סוֹפֵר וָואס אִיז גֶעלֶערֶענְט צוּם קֶענִיגְרַייךְ פוּן הִימֶעל, אִיז גְלַייךְ צוּ אֵיין בַּעַל הַבַּיִת, וָואס בְּרֶענְגְט אַרוֹיס פוּן זַיין שַׁאץ נַייעֶ אוּנְד אַלְטֶע זַאכֶען:

53 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דִיזֶע מְשָׁלִים גֶעעֶנְדִיגְט, אַזוֹי אִיז עֶר פוּן דָארְטֶען אַװעקְגֶעגַאנְגֶען:

54 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין זַיין לַאנְד אַרֵיין אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעלֶעהְרְט אִין זֵיירֶע שׁוּלֶען, אַזוֹי דָאס זֵייא הָאבֶען זִיךְ פֶערְוָואוּנְדֶערְט אוּנְד הָאבֶען גֶעזָאגְט, וְויא קוּמְט צוּ אִיהְם דִיזֶע חָכְמָה אוּנְד דִיא גְבוּרוֹת?

55 אִיז עֶר נִיט דֶעם טִישְׁלֶער'ס זוּהְן? אוּנְד הֵייסְט נִיט זַיינֶע מוּטֶער מִרְיָם? אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער יַעֲקֹב אוּנְד יוֹסֵי, אוּנְד שִׁמְעוֹן, אוּנְד יְהוּדָה?

56 אוּנְד זֶענֶען נִיט זַיינֶע שְׁוֶועסְטֶערְן אַלֶע בֵּייא אוּנְס? פוּן וְואוּ קוּמְט דָאס אַלֶעס צוּ אִיהְם?

57 אוּנְד עֶס הָאט זֵייא פֶערְדְרָאסֶען אִיבֶּער אִיהְם, אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אֵיין נָבִיא אִיז נִיט אָהְן כָּבוֹד, נֵייעֶרְט אִין זַיין לַאנְד אוּנְד אִין זַיין הוֹיז:

58 אוּנְד עֶר הָאט דָארְטֶען נִיט פִיל וְואוּנְדֶער בֶּעוִויזֶען, פוּן וֶועגֶען זֵייעֶרֶע אוּנְגְלֵייבִּיגְקֵייט:

קאפיטעל יד

1 צוּ דִיזֶער צֵייט הָאט הוֹרְדוֹס דֶער פִירְפִירְשְׁט גֶעהֶערְט דֶעם שֵׁם פוּן יֵשׁוּעַ:

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע קְנֶעכְט דָאס אִיז יוֹחָנָן דֶער מְטַבֵּל; עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן טוֹיט, אוּנְד דָארוּם טְהוּט עֶר וְואוּנְדֶער:

3 וָוארִין הוֹרְדוֹס הָאט יוֹחָנָן גֶענוּמֶען, אוּנְד אִיהְם גֶעבּוּנְדֶען, אוּנְד אִין דֶעם

גֶעפֶּענְגְנִיס אַרֵיינְגֶעזֶעצְט דוּרְךְ הוֹרוֹדְיָא
דָאס וַוייבּ פוּן זֵיין בְּרוּדֶער פִּילִיפּוּס :
4 וָוארִין יוֹחָנָן הָאט אִיהְם גֶעזָאגְט,
עֶס אִיז נִיט רֶעכְט אַז דוּא זָאלְסְט זִיא
הָאבֶּען :
5 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעוָואלְט
אוּמְבְּרֶענְגֶען, אָבֶּער עֶר הָאט מוֹרָא
גֶעהַאט פַאר דֶעם פָאלְק, וַוייל זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעהַאלְטֶען פַאר אֵיין
נָבִיא :
6 אוּנְד וֶוען מֶען הָאט גֶעהַאלְטֶען דֶעם
גֶעבּוּרְטסְטָאג פוּן הוֹרְדוֹס, אַזוֹי הָאט
דִיא טָאכְטֶער פוּן הוֹרוֹדְיָא פַאר זֵייא
גֶעטַאנְצְט. אוּנְד זִיא אִיז הוֹרְדוֹס זֶעהְר
גֶעפַאלֶען :
7 דָארוּם הָאט עֶר אִיהְר צוּגֶעזָאגְט,
מִיט אַ שְׁבוּעָה, אַז עֶר וֶועט אִיהְר
גֶעבֶּען וָואס זִיא וֶועט פֶערְלַאנְגֶען :
8 אוּנְד אַז זִיא אִיז גֶעוֶוען פְּרִיהֶער
אָנְגֶעלֶערְנְט פוּן אִיהְר מוּטֶער, אַזוֹי הָאט
זִיא גֶעזָאגְט, גִיבּ מִיר דֶעם קָאפּ פוּן
יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל אוֹיף אֵיינֶע שִׁיסֶעל :
9 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ וַואר טְרוֹיעֶרִיג,
אָבֶּער פוּן וֶועגֶען דֶער שְׁבוּעָה, אוּנְד
דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעזֶעסֶען,
אַזוֹי הָאט עֶר בֶּעפוֹילֶען אַז מֶען זָאל
אִיהְר גֶעבֶּען :
10 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאט
יוֹחָנָן גֶעקֶעפְּט אִין דֶעם גֶעפֶּענְגְנִיס :
11 אוּנְד זֵיין קָאפּ וָואר גֶעבְּרַאכְט אוֹיף
אַ שִׁיסֶעל, אוּנְד צוּ דֶעם מֵיידֶעל גֶע־
גֶעבֶּען, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט
צוּ אִיהְרֶע מוּטֶער :
12 אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶענוּמֶען דֶעם גוּף
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען עֶס
דֶערְצֵיילְט צוּ יֵשׁוּעַ :
13 אוּנְד וִויא יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט
אִיז עֶר פוּן דָארְט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין
אַ שִׁיף, אִין אַ וִויסְטֶען אָרְט אַרֵיין,
אַלֵיין, אוּנְד וֶוען דָאס פָאלְק הָאט דָאס
גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם נָאכְ־
גֶעפָאלְגְט פוּן דִיא שְׁטֶעט צוּ פוּס :
14 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען אֵיין גְרוֹיס פָאלְק;
אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּער זֵייא רַחֲמָנוּת
גֶעהַאט, אוּנְד הָאט גֶעהֵיילְט זֵייעֶרֶע
קְרַאנְקֶע :
15 וֶוען עֶס וַואר אָבֶּענְד, זֶענֶען זֵיינֶע
תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז אַ מִדְבָּר,
אוּנְד דִיא צֵייט אִיז שׁוֹין פֶערְבֵּייא,
שִׁיק דָאס פָאלְק אַוֶועק דָאס זֵייא זָאלֶען
גֵיין אִין דִיא דֶערְפֶער אַרֵיין, אוּנְד זָאלֶען
זִיךְ קוֹיפֶען צוּם עֶסֶען :
16 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
זֵייא בֶּעדַארְפֶען נִיט אַוֶועק צוּ גֵיין.
גִיבְּט אִיהְר זֵייא צוּ עֶסֶען :
17 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען הִיר נִיט מֶעהְר
וִויא פִינְף בְּרוֹיט אוּנְד צְוֵוייא פִישׁ :
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בְּרֶענְגְט
זֵייא אַהֶער צוּ מִיר :
19 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען דָאס פָאלְק
זָאל זִיךְ אַנִידֶער זֶעצֶען אוֹיף דֶעם גְרָאז,
אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא פִינְף
בְּרוֹיט אוּנְד צְוֵוייא פִישׁ, אוּנְד הָאט
אַרוֹיף גֶעזֶעהֶען קֶעגֶען הִימֶעל, אוּנְד
הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט
דָאס בְּרוֹיט צוּבְּרָאכֶען, אוּנְד הָאט עֶס
גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד
דִיא תַּלְמִידִים צוּ דֶעם פָאלְק :
20 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַלֶע גֶעגֶעסֶען,

אוּנְד זֶענֶען זַאט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען וָואס אִיז אִיבֶּערְ־
גֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ, צְוָועלְף
קֶערְבּ פוּל:

21 אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַן עֶרֶךְ פוּן פִינְף
טוֹיזֶענְד מֶענֶער, חוּץ וַוייבֶּער אוּנְד
קִינְדֶער:

22 אוּנְד אַזוֹי בַּאלְד הָאט יֵשׁוּעַ זַיינֶע
תַּלְמִידִים גֶעצְוָואוּנְגֶען אִין אַ שִׁיף
אַרֵיינְצוּגֵיין, אוּנְד פָאר אִיהְם אַרִיבֶּער
צוּ פָארֶען, בִּיז עֶר װֶעט דָאס פָאלְק
אַװֶעק שִׁיקֶען:

23 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס פָאלְק
אַװֶעקגֶעשִׁיקְט, אַזוֹי אִיז עֶר אַרוֹיף
גֶעגַאנְגֶען אוֹיף אַ בַּארְג, אַלֵיין גָאט
צוּ בֶּעטֶען. אוּנְד וֶוען עֶס אִיז נַאכְט
גֶעוָוארֶען אִיז עֶר דָארְטֶען אַלֵיין גֶעוֶ־
וֶועזֶען:

24 אוּנְד דָאס שִׁיף אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען
אִין מִיטֶען יַם, אוּנְד אַרוּם גֶעטְרִיבֶּען
בֵּייא דִיא װֶעלֶען, וַוייל דֶער וִוינְד וַואר
קֶעגֶען זֵייא:

25 אָבֶּער אִין דֶעם פִירְטֶען מִשְׁמָר פוּן
דֶער נַאכְט אִיז יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעקוּמֶען,
אוּנְד אִיז אוֹיף דֶעם יַם אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען:

26 אוּנְד וִויא דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען
אִיהְם גֶעזֶעהֶען אוֹיף דֶעם יַם אַרוּמְ־
גֵיין, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז אֵיין
גֵייסְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן
פַאר מוֹרָא:

27 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט בַּאלְד צוּ זֵייא
גֶערֶעט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זֵייט גֶעטְ־
רֵייסְט, אִיךְ בִּין דָאס, פָארְכְט אֵייךְ
נִיט:

28 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט אִיהְם גֶעעֶ־
ענְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר,
וֶוען דוּא בִּיסְט עֶס, אַזוֹי הֵייס מִיךְ צוּ
דִיר צוּ קוּמֶען אוֹיף דֶעם וַואסֶער:

29 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט קוּם, אוּנְד
פֶּעטְרוּס אִיז אַרוּנְטֶערגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם
שִׁיף, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם
וַואסֶער, אַז עֶר זָאל קוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ:

30 אָבֶּער וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז
דֶער וִוינְד אִיז שְׁטַארְק, אַזוֹי הָאט עֶר
מוֹרָא גֶעהַאט, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אָנְ־
גֶעהוֹיבֶּען צוּ זִינְקֶען, הָאט עֶר גֶעשְׁרִיעֶן
אוּנְד גֶעזָאגְט, הַאר, הֶעלְף מִיר:

31 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט בַּאלְד דִיא הַאנְד
אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְ־
גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אוֹי, דוּא קְלֵיינְגְלוֹיבִּיגֶער, פַאר וָואס
הָאסְט דוּא גֶעצְוַוייפֶעלְט:

32 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען אִין דֶעם
שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט זִיךְ
דֶער וִוינְד גֶעשְׁטִילְט:

33 אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אִין דֶעם שִׁיף זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט, אוּנְד
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת דוּא
בִּיזְט דֶער זוּהְן פוּן גָאט:

34 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרִיבֶּערגֶעפָארֶען,
אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּם לַאנְד גְנֵיסָרַת:

35 אוּנְד וִויא דִיא לֵייט פוּן דִיזֶען
אָרְט הָאבֶּען פוּן אִיהְם גֶעוְואוּסְט, אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא אַרוּמְגֶעשִׁיקְט אִין דֶער
גַאנְצֶען גֶעגֶענְד, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעבְּרַאכְט אַלֶע קְרַאנְקֶע:

63 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען
דָאס זֵייא זָאלֶען נוּר אָנְרִירֶען דֶעם
זוֹים פוּן זַיין קְלֵייד, אוּנְד אַלֶע דִיא
וָואס הָאבֶּען אָנְגֶערִירְט זֶענֶען גַאנְץ
גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען:

## קאפיטעל טו

1 נאָכְדֶעם זֶענֶען דִיא סוֹפְרִים אוּנְד
דִיא פְּרוּשִׁים פוּן יְרוּשָׁלַיִם גֶעקוּמֶען צוּ
יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט:
2 פַאר וָואס זֶענֶען דֵיינֶע תַּלְמִידִים
עוֹבֵר דִיא קַבָּלָה פוּן דִיא עֶלְצְטֶע,
וָוארִין זֵייא וַואשֶׁען זִיךְ נִיט דִיא הֶענְד
וֶוען זֵייא עֶסֶען בְּרוֹיט:
3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פַאר וָואס זֵייט
אִיהְר אוֹיךְ עוֹבֵר דָאס גֶעבָּאט פוּן גָאט
דוּרְךְ אֵייעֶרע תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה:
4 וָוארִין גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט בְּכָבוֹד
הַאלְטֶען דֵיין פָאטֶער אוּנְד מוּטֶער;
אוּנְד דֶער וָואס פְלוּכְט פָאטֶער אוּנְד
מוּטֶער, דֶער זָאל אוּמְגֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען:
5 אָבֶּער אִיהְר זָאגְט, וֶוער עֶס וֶועט
זָאגֶען צוּ זֵיין פָאטֶער אוּנְד מוּטֶער,
דָאס אִיז אַ קָרְבָּן וָואס דוּא הָאסְט
גֶעוָואלְט פוּן מִיר הֲנָאָה הָאבֶּען, אוּנְד
וֶועט נִיט בְּכָבוֹד הַאלְטֶען זֵיין פָאטֶער
אוּנְד מוּטֶער, (אַזוֹי אִיז עֶס אֵיין קָרְבָּן):
6 אוּנְד אִיהְר הָאט דָאס גֶעבָּאט פוּן
גָאט פֶערְשְׁטֶערְט דוּרְךְ אֵייעֶרע תּוֹרָה
שֶׁבְּעַל פֶּה:
7 אִיהְר הֵייכְלֶערְס, יְשַׁעְיָה הָאט
בֶּאֱמֶת אוֹיף אֵייךְ נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט:
8 דָאס פָאלְק גֶענֶעהֶנְט זִיךְ צוּ מִיר
מִיט זֵייעֶר מוֹיל אוּנְד עֶהְרֶען מִיךְ מִיט
זֵייעֶרע לִיפֶּען, אָבֶּער זֵייעֶר הַארְץ אִיז
וֵוייט פוּן מִיר:
9 אוּנְד אוּמְזָאנְסְט טְהוּען זֵייא מִיךְ
פָארְכְטֶען, אוּנְד לֶערְנֶען זָאלְכֶע לֶעהְרֶע
וָואס זֶענֶען דִיא גֶעבָּאטֶע (מִצְוֹת) פוּן
מֶענְשֶׁען:
10 אוּנְד עֶר הָאט דָאס פָאלְק צוּ זִיךְ
גֶערוּפֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט, הֶערְט צוּ אוּנְד פֶערְשְׁטֵייט:
11 דָאס וָואס קוּמְט אִין מוֹיל אַרֵיין
מַאכְט דֶעם מֶענְשֶׁען נִיט אוּמְרֵיין,
גֵייעֶרְט דָאס וָואס גֵייט אַרוֹיס פוּן מוֹיל
מַאכְט דֶעם מֶענְשֶׁען אוּמְרֵיין:
12 דֶערְנָאךְ זֶענֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּ
אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, וֵוייסְט דוּא דָאס דִיא פְּרוּשִׁים
זֶענֶען בֵּייז גֶעוָוארֶען, וֶוען זֵייא הָאבֶּען
דָאס גֶעהֶערְט?
13 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, אִיטְלִיכֶע פְלַאנְץ וָואס
מֵיין הִימְלִישֶׁער פָאטֶער הָאט נִיט גֶע־
פְלַאנְצְט וֶועט אוֹיסגֶעוָוארְצֶעלְט וֶוערֶען:
14 לָאזְט זֵייא גֵיין, זֵייא זֶענֶען בְּלִינְדֶע
פִיהְרֶערְס פוּן דִיא בְּלִינְדֶע, אוּנְד וֶוען
אֵיין בְּלִינְדֶער פִיהְרְט אֵיין בְּלִינְדֶען,
אַזוֹי פַאלֶען זֵייא בֵּיידֶע אַרֵיין אִין אַ
גְרוּב:
15 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם, לֵייג אוּנְס
אוֹיס דָאס מָשָׁל:
16 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, זֶענְט
אִיהְר אוֹיךְ אָהְן פֶערְשְׁטַאנְד?
17 פֶערְשְׁטֵייט אִיהְר נָאךְ נִיט, דָאס
אַלֶעס וָואס גֵייט אִין מוֹיל אַרֵיין גֵייט
אִין בּוֹיךְ אַרֵיין, אוּנְד וֶוערְט אִין בֵּית־
הַכִּסֵּא גֶעוָוארְפֶען?
18 אָבֶּער דָאס וָואס גֵייט אַרוֹיס פוּן
דֶעם מוֹיל דָאס קוּמְט פוּן דֶעם הַארְץ,
אוּנְד דָאס מַאכְט דֶעם מֶענְשֶׁען אוּמְרֵיין:
19 וָוארִין פוּן דֶעם הַארְץ קוּמֶען
אַרוֹיס בֵּייזֶע גֶעדַאנְקֶען, רְצִיחָה, נִיאוּף,
זְנוּת, גְנֵבוֹת, פַאלְשֶׁע עֵדוּת זָאגֶען אוּנְד
לֶעסְטֶערוּנְג:

20 דָאס זֶענֶען דִיא זַאכֶען וָואס
מַאכֶען דֶעם מֶענְשֶׁען אוּמְרֵיין, אָבֶּער
צוּ עֶסֶען מִיט אוּמְגֶעוַואשֶׁענֶע הֶענְד
מַאכְט דֶעם מֶענְשֶׁען נִיט אוּמְרֵיין:
21 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶער
גֶעגֶענְד פוּן צוֹר אוּנְד צִידוֹן:
22 אוּנְד זֶעה, אֵיינֶע פְרוֹי פוּן כְּנַעַן
אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דִיזֶע גְרֶענֶעצֶען,
אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, דֶערְבַּארֶעם דִיךְ אִיבֶּער
מִיר, הַאר, דוּא זוּהְן פוּן דָוִד, מֵיינֶע
טָאכְטֶער וֶוערְט זֵייעֶר גֶעפְּלָאגְט פוּן
אַ שֵׁד:
23 אָבֶּער עֶר הָאט אִיהְר קֵיין וָוארְט
נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים
זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
שִׁיק זִיא אַוֶועק וָוארִין זִיא שְׁרֵייט אוּנְס
נָאךְ:
24 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין נִיט גֶעשִׁיקְט
גֵייעֶרְט צוּ דִיא פֶערלוֹירֶענֶע שָׁאף פוּן
דֶעם הוֹיז יִשְׂרָאֵל:
25 אוּנְד זִיא אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט
זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט אוּנְד הָאט גֶע־
זָאגְט, הַאר, הֶעלְף מִיר:
26 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נִיט רֶעכְט
אַוֶועקְצוּנֶעמֶען דָאס בְּרוֹיט פוּן דִיא
קִינְדֶער אוּנְד עֶס צוּ וַוארְפֶען פַאר דִיא
הִינְט:
27 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז
וָואהְר, הַאר, אָבֶּער דִיא הִינְט עֶסֶען
אוֹיךְ פוּן דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ וָואס פַאלֶען
אַרוּפּ פוּן דֶעם טִישׁ פוּן זֵייעֶר הַאר:
28 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, אוֹי וֵוייב, דֵיין
גְלוֹיבֶּען אִיז גְרוֹיס, עֶס זָאל דִיר גֶע־
שֶׁעהֶען אַזוֹי וִויא דוּא ווִילְסְט. אוּנְד
אִיהְרֶע טָאכְטֶער אִיז גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען
פוּן דִיזֶעלְבִּיגֶע שָׁעָה:
29 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז פוּן דָארְטֶען וֵוייטֶער
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּם יַם
פוּן גָלִיל, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיף אֵיין בַּארְג
אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ דָארְט
אַנִידֶער גֶעזֶעצְט:
30 אוּנְד פִיל פָאלְק אִיז צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען, וָואס הָאבֶּען מִיט זִיךְ גֶעהַאט
קְרוּמֶע אוּנְד בְּלִינְדֶע, אוּנְד שְׁטוּמֶע,
אוּנְד שְׁוַואכֶע, אוּנְד פִילֶע אַנְדֶערֶע,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַנִידֶער גֶע־
וָוארְפֶען פַאר דִיא פִיס פוּן יֵשׁוּעַ, אוּנְד
עֶר הָאט זֵייא גֶעהֵיילְט:
31 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ פֶערְ־
וְואוּנְדֶערְט וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
דָאס דִיא שְׁטוּמֶע רֶעדֶען, אוּנְד דִיא
שְׁוַואכֶע זֶענֶען גֶעזוּנְד, דִיא קְרוּמֶע גֵיין
אַרוּם, אוּנְד דִיא בְּלִינְדֶע זֶעהֶען, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט דֶעם גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל:
32 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זֵיינֶע תַּלְמִידִים
צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
אִיךְ הָאבּ רַחֲמָנוּת אִיבֶּער דֶעם פָאלְק,
וָוארִין זֵייא זוּמֶען זִיךְ שׁוֹין דְרֵייא
טֶעג מִיט מִיר, אוּנְד הָאבֶּען נִיט וָואס
צוּ עֶסֶען, אוּנְד אִיךְ ווִיל זֵייא נִיט
נִיכְטֶערְן אַוֶועקְשִׁיקֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען
נִיט פֶערְשְׁמַאכְטֶען אוֹיף דֶעם וֶועג:
33 אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, פוּן וַואנֶען זָאלֶען מִיר
נֶעמֶען אִין דֶער מִדְבָּר אַזוֹי פִיל בְּרוֹיט
דָאס מִיר זָאלֶען אַזוֹי אֵיין פָאלְק זַאט
מַאכֶען:

34 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וִויא פִיל בְּרוֹיט הָאט אִיהְר ? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גְעזָאגְט זִיבֶּען, אוּנְד עֶטְלִיכֶע קְלֵיינֶע פִישְׁלֶעךְ :

35 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען אַז דָאס פָאלְק זָאל זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד אַנִידֶערְזֶעצֶען :

36 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא זִיבֶּען בְּרוֹיט אוּנְד דִיא פִישׁ, אוּנְד עֶר הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט אוּנְד עֶר הָאט זֵייא צוּבְּרָאכֶען, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים צוּם פָאלְק :

37 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַלֶע גֶעגֶעסֶען אוּנְד זֶענֶען זַאט גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען וָואס אִיז אִיבֶּערגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ זִיבֶּען קֶערְבּ פוּל :

38 אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיר טוֹיזֶענְד מֶענֶער, חוּץ ווייבֶער אוּנְד קִינְדֶער :

39 אוּנְד וִויא עֶר הָאט דָאס פָאלְק אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אַזוֹי אִיז עֶר אִין אֵיין שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא גְרֶענְעֶצֶען פוּן מַגְדָלָה :

קאפיטעל טז

1 אוּנְד דִיא פְרוּשִׁים אוּנְד צַדוּקִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְּרוּפְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פוּן אִיהְם פֶערלַאנְגְט, אַז עֶר זָאל זֵייא וַוייזֶען אַ צֵייכֶען פוּן הִימֶעל :

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אוֹיף דֶעם אָבֶענְט זָאגְט אִיהְר, עֶס וֶועט אֵיין שֵׁיינֶער טָאג וֶוערֶען, וָוארִין דֶער הִימֶעל אִיז רוֹיט :

3 אוּנְד אִין דֶער פְרִיה, עֶס וֶועט הֵיינְט זַיין אַ שְׁטוּרְם, וָוארִין דֶער הִימֶעל אִיז רוֹיט אוּנְד טְרִיבּ. אִיהְר הֵייכְלֶערְם ! אִיהְר קֶענְט פֶערשְׁטֵיין דָאס אָנְזֶעהֶען פוּן הִימֶעל, אָבֶּער דִיא צֵייכֶען פוּן דִיא צֵייטֶען קֶענְט אִיהְר נִיט פֶערשְׁטֵיין :

4 אֵיין בֵּייזֶעס אוּנְד אוּנְקֵיישֶׁענְדֶעס גֶעשְׁלֶעכְט זוּכְט אֵיין צֵייכֶען, אָבֶּער עֶס זָאל זֵייא קֵיין אַנְדֶער צֵייכֶען נִיט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, נֵייעֶרְט דָאס צֵייכֶען פוּן יוֹנָה הַנָּבִיא. אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פֶערלָאזְט אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען :

5 אוּנְד וֶוען זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן יַם, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא פֶערגֶעסֶען בְּרוֹיט מִיט צוּנֶעמֶען :

6 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֶעהְט צוּ אוּנְד הִיט אֵייךְ פַאר דֶעם חָמֵץ פוּן דִיא פְרוּשִׁים אוּנְד צַדוּקִים :

7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֵּייא זִיךְ גֶעדַאכְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז ווייל מִיר הָאבֶּען נִיט מִיט גֶענוּמֶען קֵיין בְּרוֹיט :

8 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעוְואוּסְט, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס דֶענְקְט אִיהְר אוּנְטֶער אֵייךְ, אִיהְר קְלֵיינְגְלוֹיבִּיגֶע, ווייל אִיהְר הָאט קֵיין בְּרוֹיט נִיט מִיטגֶענוּמֶען ?

9 פֶערשְׁטֵייט אִיהְר נָאךְ נִיט אוּנְד גֶעדֶענְקְט אִיהְר נִיט דִיא פִינְף בְּרוֹיט פַאר דִיא פִינְף טוֹיזֶענְד, אוּנְד וִויא פִיל קֶערְבּ אִיהְר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען ?

10 אוּנְד אוֹיךְ דִיא זִיבֶּען בְּרוֹיט פַאר דִיא פִיר טוֹיזֶענְד, אוּנְד וִויא פִיל קֶערְבּ אִיהְר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען :

11 וִויא פֶערשְׁטֵייט אִיהְר נִיט דָאס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ נִיט גֶערֶעט פוּן בְּרוֹיט, דָאס אִיהְר זָאלְט אֵייךְ הִיטֶען פַאר דֶעם חָמֵץ פוּן דִיא פְרוּשִׁים אוּנְד צַדוּקִים ?

12 דֶערְנָאךְ הָאבֶּען זַייא פַארְשְׁטַאנֶען דָאס עֶר הָאט זַייא נִיט גֶעהַייסֶען זִיךְ הִיטֶען פַאר דֶעם חָמֵץ פוּן בְּרוֹיט, נַייעֶרְט פַאר דִיא לֶעהְרֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד צַדוּקִים:

13 וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶער גֶעגֶענְד פוּן קֵיסָרְיָא אִין פִילִיפּוּס, אַזוֹי הָאט עֶר זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעפְרֶעגְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער זָאגֶען דִיא לֵייט דָאס אִיךְ, דֶער בֶּן־אָדָם בִּין?

14 אוּנְד זַייא הָאבֶען גֶעזָאגְט, עֶטְלִיכֶע זָאגֶען דָאס דוּא בִּיסְט יוֹחָנָן דֶער מְטַבֵּל. אוּנְד עֶטְלִיכֶע זָאגֶען, אֵלִיָּהוּ; אוּנְד אַנְדֶערֶע זָאגֶען יִרְמְיָה, אָדֶער אֵיינֶער פוּן דִיא נְבִיאִים:

15 אָבֶער עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶוער זָאגְט אִיהְר דָאס אִיךְ בִּין?

16 אוּנְד שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ, דֶער זוֹהְן פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט:

17 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט בִּיזְט דוּא שִׁמְעוֹן בַּר יוֹנָה, וָוארִין אֵיין מֶענְשׁ הָאט דָאס דִיר נִיט עֶנְטפְּלֶעקְט, נֵייעֶרְט מֵיין פָאטֶער וָואס אִיז אִים הִימֶעל:

18 אוּנְד אִיךְ זָאג דִיר דָאס דוּא בִּיסְט פֶּעטְרוּס, אוּנְד אוֹיף דִיזֶען פֶעלְזֶען וֶועל אִיךְ מֵיינֶע גֶעמֵיינְדֶע בּוֹיעֶן, אוּנְד דִיא טוֹירֶען פוּן שְׁאוֹל וֶועלֶען זִיא נִיט בֵּייקוּמֶען:

19 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען דֶעם שְׁלִיסֶעל פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל, אוּנְד וָואס דוּא וֶועסְט בִּינְדֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, וֶועט זַיין גֶעבּוּנְדֶען אִים הִימֶעל, אוּנְד וָואס דוּא וֶועסְט אוֹיפְבִּינְדֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, וֶועט זַיין אוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען אִים הִימֶעל:

20 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זַיינֶע תַּלְמִידִים פֶערְבָּאטֶען, אַז זַייא זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען, דָאס עֶר אִיז דֶער מָשִׁיחַ:

21 פוּן דֶענְצָמָאל אָן הָאט יֵשׁוּעַ אָנְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּ וַוייזֶען, דָאס עֶר מוּז גֵיין נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד פִיל לֵיידֶען פוּן דִיא עֶלְצְטֶע, אוּנְד רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד סוֹפְרִים, אוּנְד מוּז אוּמְגֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען, אוּנְד אוֹיפְשְׁטֵיין אָן דֶעם דְרִיטֶען טָאג:

22 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָנְצוּשְׁרֵייעֶן אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, חָלִילָה, מֵיין הַאר, דָאס זָאל דִיר נִיט גֶעשֶׁעהֶען:

23 אָבֶער עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ פֶּעטְרוּס, גֵייא אַוֶועק פוּן מִיר שָׂטָן דוּא בִּיסְט אֵיינֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְג צוּ מִיר; דוּא מֵיינְסְט נִיט גָאטֶעס זַאכֶען נֵייעֶרְט דִיא זַאכֶען פוּן מֶענְשֶׁען:

24 דֶערְנָאךְ הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים, וֶוער עֶס ווִיל מִיר נָאכְפָאלְגֶען, דֶער זָאל זִיךְ זֶעלְבְּסְט פֶערלֵייקֶענֶען, אוּנְד זַיין קְרֵייץ אוֹיפְנֶעמֶען אוּנְד מִיר נָאכְפָאלְגֶען:

25 וָוארִין וֶוער עֶס ווִיל זַיין לֶעבֶּען פֶערהִיטֶען, דֶער וֶועט עֶס פֶערלִירֶען, אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט זַיין לֶעבֶּען פֶערלִירֶען פוּן מֵיינֶעט וֶועגֶען, דֶער וֶועט עֶס גֶעפִינֶען:

26 וָוארִין וָואס וֶועט עֶס דֶעם מֶענְשֶׁען הֶעלְפֶען וֶוען עֶר זָאל גֶעווִינֶען דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, אוּנְד וֶועט פֶערלִירֶען זַיין לֶעבֶּען? אָדֶער וָואס וֶועט אֵיין מֶענְשׁ גֶעבֶּען כְּדֵי זַיין לֶעבֶּען אוֹיסצוּלֵייזֶען?

27 וָוארִין דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט קוּמֶען אִין דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן זַיין פָאטֶער

מִיט זַיינֶע מַלְאָכִים אוּנְד אַזוֹי װעט עֶר
בְּעצָאלֶען אִיטְלִיכֶען נָאךְ זַיינֶע מַעֲשִׂים
גָאנְג :
28 פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס
זֶענֶען דָא אֵייניגֶע וָואס שְׁטֵייעֶן הִיר
וָואס װֶעלֶען דֶעם טוֹיט נִיט פֶּערזוּכֶען,
בִּיז זֵייא װֶעלֶען זֶעהֶען דֶעם בֶּן־אָדָם
קוּמֶען אִין זַיין קֶענִיגְרַייךְ :

קאפיטעל יז

1 אוּנְד נָאךְ זֶעקְס טֶעג הָאט יֵשׁוּעַ
גֶענוּמֶען פֶּעטְרוּס, אוּנְד יַעֲקֹב, אוּנְד
זַיין בְּרוּדֶער יוֹחָנָן, אוּנְד הָאט זֵייא
אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוֹיף אֵיין הוֹיכֶען בַּארְג
בֵּייא זִיךְ זֶעלְבְּסְט :
2 אוּנְד עֶר אִיז פַאר זֵייא פֶערְעֶנְדֶערְט
גֶעװָארֶען, אוּנְד זַיין פָּנִים הָאט גֶעשַׁיינְט
וִויא דִיא זוּן, אוּנְד זַיינֶע קְלֵיידֶער זֶענֶען
גֶעוָועזֶען װַייס וִויא דָאס לִיכְט :
3 אוּנְד נוּן, הָאבֶּען זִיךְ מֹשֶׁה אוּנְד
אֵלִיָּהוּ צוּ אִיהְם בֶּעווִייזֶען, אוּנְד הָאבֶּען
מִיט אִיהְם גֶערֶעט :
4 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ, הַאר, עֶס
אִיז גוּט פַאר אוּנְס הִיר צוּ זַיין, אוֹיבּ
דוּא ווִילְסְט, אַזוֹי װֶעלֶען מִיר הִיר
מַאכֶען דְרֵייא גֶעצֶעלְטֶען, אֵיינְס פַאר
דִיר, אוּנְד אֵיינְס פַאר מֹשֶׁה אוּנְד
אֵיינְס פַאר אֵלִיָּהוּ :
5 װייל עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט, זֶעה,
אַזוֹי הָאט זֵייא אַ לִיכְטִיגֶער וָואלְקֶען
בֶּעדֶעקְט, אוּנְד נוּן הָאט אַ קוֹל אוֹיס
דֶעם וָואלְקֶען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז מֵיין
גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן אִין װֶעלְכֶען אִיךְ הָאבּ
ווֹאוֹילְגֶעפַאלֶען, אִיהְם זָאלְט אִיהְר צוּ־
הֶערֶען :
6 אוּנְד וִויא זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען
דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא אוֹיף
זֵייעֶר פָּנִים גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ
זֶעהְר גֶעפָארכְטֶען :
7 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז צוּ זֵייא גֶעקוּמֶען,
אוּנְד הָאט זֵייא אָנְגֶערִירְט אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, שְׁטֵייט אוֹיף אוּנְד פָארכְט
אֵייךְ נִיט :
8 אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא קֵיינֶעם
נִיט גֶעזֶעהֶען נֵייעֶרְט יֵשׁוּעַ אַלֵיין :
9 אוּנְד װֶען זֵייא זֶענֶען אַרוּנְטֶער
גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם בַּארְג, הָאט זֵייא
יֵשׁוּעַ גֶעבָּאטֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
אִיהְר זָאלְט פַאר קֵיינֶעם נִיט אוֹיס־
זָאגֶען וָואס אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען, בִּיז
דֶער בֶּן־אָדָם װֶעט אוֹיפְשְׁטֵיין פוּן דֶעם
טוֹיט :
10 אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם
גֶעפְּרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, וָוארוּם זָאגֶען
דִיא סוֹפְרִים דָאס אֵלִיָּהוּ מוּס פְרִיהֶער
קוּמֶען ?
11 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אֵלִיָּהוּ װֶעט
בְּאֶמֶת פְרִיהֶער קוּמֶען אוּנְד װֶעט אַלֶעס
צוּרֶעכְט מַאכֶען :
12 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, דָאס אֵלִיָּהוּ
אִיז שׁוֹין גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם נִיט דֶערְקֶענְט נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען
מִיט אִיהְם גֶעטְהוּן וָואס זֵייא הָאבֶּען
גֶעוָואלְט, אוּנְד אַזוֹי װֶעט דֶער בֶּן־אָדָם
אוֹיךְ פוּן זֵייא לֵיידֶען :
13 אַזוֹי הָאבֶּען זַיינֶע תַּלְמִידִים פֶערְ־
שְׁטַאנֶען דָאס עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט
פוּן יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל :
14 אוּנְד װֶען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּם
פָאלְק, אַזוֹי אִיז אֵיין מַאן צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ פַאר אִיהְם
אַנִידֶער גֶעקְנִיט. אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט :

האר

15 הַאר דֶערבַּארֶעם דִיךְ אִיבֶּער מֵיין
זוּהְן, וָואִרין עֶר אִיז מְשׁוּגָע אוּנְד לֵיידֶעט
זֶעהְר, וָוארִין עֶר פַאלְט אָפְּט אִין פֵייעֶר
אַרֵיין אוּנְד אָפְּט אִין וַואסֶער אַרֵיין :
16 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט
צוּ דֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם נִיט גֶעקָאנְט הֵיילֶען :
17 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, אוֹי, אִיהְר אוּנְגְלוֹיבִּיגֶעס
אוּנְד פֶערקֶערְטֶעס גֶעשְׁלֶעכְט, וִויא
לַאנְג זָאל אִיךְ בֵּייא אֵייךְ זֵיין, אוּנְד
וִויא לַאנְג זָאל אִיךְ מִיט אֵייךְ אוֹיסְ־
הַאלְטֶען, בְּרֶענְגְט אִיהְם אַהֶער צוּ מִיר :
18 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם אָנְגֶעשְׁרִיעֶן,
אוּנְד דֶער שֵׁד אִיז פוּן אִיהְם אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דָאס קִינְד אִיז גֶעזוּנְד
גֶעוָוארֶען פוּן דֶער דָאזִיגֶער שָׁעָה :
19 דֶערנָאךְ זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים גֶער
קוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ בֵּייא זִיךְ זֶעלבְּסְט,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאנְט, פַאר וָואס הָאבֶּען
מִיר אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט אַרוֹיסטְרֵייבֶּען ?
20 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וֶועגֶען אֵייעֶרֶע אוּנְגְלֵייבִּיגְקֵייט, וָוארִין
בְּאֶמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוען אִיהְר זָאלְט
הָאבֶּען גְלוֹיבֶּען אַזוֹי וִויא אֵיין זַאנְפְּט־
קָארְן, אַזוֹי וֶועט אִיהְר זָאגֶען צוּ דִיזֶען
בַּארְג, גֵייא אַוֶועק פוּן הִיר דָארְטֶען,
אַזוֹי וֶועט עֶר אַוֶועק גֵיין, אוּנְד קֵיין
זַאךְ וֶועט אֵייךְ נִיט אוּנְמֶעגְלִיךְ זֵיין :
21 אָבֶּער דִיזֶער אַרְט (מִין) גֵייט נִיט
אַנְדֶערשְׁט אַרוֹיס נֵייעֶרְט דוּרְךְ גֶעבֶּעט
אוּנְד פַאסְטֶען :
22 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין
גָלִיל, הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער
בֶּן־אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט וֶוערֶען
אִין דִיא הֶענְד פוּן מֶענְשֶׁען :
23 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אִיהְם אוּמבְּרֶענְ־
גֶען, אוּנְד אַם דְרִיטֶען טָאג וֶועט עֶר
וִוידֶער אוֹיפְשְׁטֵיין, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זֵייעֶר גֶעטְרוֹיעֶרְט :
24 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען
נָאךְ כְּפַר־נָחוּם, זֶענֶען דִיא וָואס גֶעמֶען
אָב צִינְס (מַס) גֶעקוּמֶען צוּ פֶּעטְרוּס,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, צָאלְט אֵייעֶר רַבִּי
נִיט קֵיין צִינְס ?
25 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יוֹיא, אוּנְד
וֶוען עֶר אִיז אַהֵיים גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט
אִיהְם יֵשׁוּעַ צוּעֶרשְׁט גֶעזָאגְט, פוּן
וֶועמֶען נֶעמֶען דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער
עֶרְד צִינְס אָדֶער מַס, פוּן זֵיירֶע קִינְדֶער
אָדֶער פוּן פְרֶעמְדֶע ?
26 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, פוּן פְרֶעמְדֶע, אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דָארוּם זֶענֶען דִיא
קִינְדֶער פְרֵייא :
27 אָבֶּער אַז מִיר זָאלֶען זֵייא נִיט
עֶרְגֶערֶען, אַזוֹי גֵייא צוּם יַם, אוּנְד
וַוארְף אֵיין אַנְגֶעל, אוּנְד נֶעם דֶעם פִישׁ
וָואס וֶועט צוּם עֶרשְׁטֶען אַרוֹיפְקוּמֶען,
אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט אוֹיפְמַאכֶען זֵיין
מוֹיל אַזוֹי וֶועסְט דוּא גֶעפִינֶען אַ מַטְבֵּעַ,
נֶעם דָאס, אוּנְד גִיבּ עֶס פַאר מִיר אוּנְד
פַאר דִיר :

## קאפיטאל יח

1 צוּ דֶער צֵייט זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים
גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
וֶוער אִיז דֶער גְרֶעסְטֶער אִים קֶענִיגְ־
רֵייךְ פוּן הִימֶעל :
2 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען
אֵיין קִינְד, אוּנְד הָאט אִיהְם אִין דֶער
מִיטֶען גֶעשְׁטֶעלְט :
3 אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, בְּאֶמֶת זָאג אִיךְ
אֵייךְ, דָאס וֶוען אִיהְר וֶועט אֵייךְ נִיט
בֶּעקֶערֶען אוּנְד וֶועט זֵיין אַזוֹי וִויא

קִינְדֶער, אַזוֹי וֶועט אִיהְר נִיט אַרֵיינְ־
קוּמֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל׃
4 דָארוּם וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ עֶרְנִידֶע־
רִיגֶען אַזוֹי וִויא דָאס קִינְד, דֶער אִיז
דֶער גְרֶעסְטֶער אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
הִימֶעל׃
5 אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט אוֹיפְנֶעמֶען
אַזוֹי אַיין קְלֵיין קִינְד אִין מֵיין נָאמֶען,
דֶער נֶעמְט מִיךְ אוֹיף׃
6 אוּנְד דֶער וָואס עֶרְגֶערְט אֵיינֶעם פוּן
דִיזֶע קְלֵיינֶע וָואס גְלוֹיבֶּען אָן מִיר,
אַזוֹי וָואלְט פַאר אִיהְם בֶּעסֶער גֶע־
וֶועזֶען דָאס אַיין מִילְשְׁטֵיין זָאל אוֹיף
זַיין הַאלְז גֶעהָאנְגֶען וֶוערֶען אוּנְד אַז
עֶר זָאל דֶערְטְרוּנְקֶען וֶוערֶען אִין דֶער
טִיפֶענִים פוּן יַם׃
7 וֵויא צוּ דֶער וֶועלְט פוּן וֶועגֶען
שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען! וָוארִין עֶס אִיז נֵייטִיג
דָאס שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען זָאלֶען קוּמֶען, אָבֶּער
ווייא צוּ דֶעם מֶענְשׁ דוּרְךְ וֶועמֶען דִיא
שְׁטְרוֹיכְלוּנְג קוּמְט׃
8 אוּנְד וֶוען דֵיינֶע הַאנְד אָדֶער דֵיין
פוּס מַאכְט דִיךְ שְׁטְרוֹיכְלֶען, הַאק זִיא
אָב, אוּנְד וַוארְף זִיא אַוֶועק פוּן דִיר,
וָוארִין עֶס אִיז בֶּעסֶער פַאר דִיר אִים
לֶעבֶּען אַרֵיינְצוּגֵיין קְרוּם אָדֶער שְׁוַואךְ,
אֵיידֶער דוּא זָאלְסְט הָאבֶּען צְווייא הֶענְד
אוּנְד צְווייא פִיס, אוּנְד אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען
וֶוערֶען אִים אֵייבִּיגֶען פֵייעֶר׃
9 אוּנְד וֶוען דֵיין אוֹיג מַאכְט דִיךְ
שְׁטְרוֹיכְלֶען, רֵייס עֶס אוֹיס אוּנְד וַוארְף
עֶס אַוֶועק פוּן דִיר, עֶס אִיז בֶּעסֶער
פַאר דִיר אִים לֶעבֶּען אַרֵיינְצוּקוּמֶען
מִיט אֵיין אוֹיג, אֵיידֶער דוּא זָאלְסְט
הָאבֶּען צְווייא אוֹיגֶען, אוּנְד אַרֵיינְגֶע־
וָוארְפֶען צוּ וֶוערֶען אִים פֵייעֶר פוּן
גֵיהִנָם׃

10 הִיט אֵייךְ אַז אִיהְר זָאלְט נִיט
פֶערְאַכְטֶען אֵיינֶעם פוּן דִיזֶע קְלֵיינֶע,
וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, דָאס זֵייעֶרֶע
מַלְאָכִים אִים הִימֶעל זֶעהֶען אִימֶער
דָאס פָּנִים פוּן מֵיין פָאטֶער וָואס אִיז
אִים הִימֶעל׃
11 וָוארִין דֶער בֶּן אָדָם אִיז גֶעקוּמֶען
מַצִיל צוּ זַיין דָאס וָואס אִיז פֶערְלָארֶען׃
12 וָואס דַאכְט זִיךְ אֵייךְ? וֶוען אֵיין
מֶענְשׁ וֶועט הָאבֶּען הוּנְדֶערְט שָׁאף,
אוּנְד אֵיינְס פוּן זֵייא וֶועט זִיךְ פֶערְ־
לִירֶען, וֶועט עֶר דֶען נִיט אִיבֶּערְלָאזֶען
דִיא נֵיין אוּנְד נֵיינְצִיג, אוּנְד וֶועט
אַוֶועקְגֵיין אוֹיף דִיא בֶּערְג, אוּנְד וֶועט
זוּכֶען דָאס וָואס הָאט זִיךְ פַארְלוֹירֶען?
13 אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט זִיךְ טְרֶעפֶען
דָאס עֶר וֶועט עֶס גֶעפִינֶען, פַארְוָואהְר
זָאג אִיךְ אֵייךְ, דָאס עֶר וֶועט זִיךְ אִיבֶּער
דֶעם מֶעהְר פְרֵייעֶן, וִויא אִיבֶּער דִיא
נֵיין אוּנְד נֵיינְצִיג וָואס הָאבֶּען זִיךְ נִיט
פַארְאִירְט׃
14 אוּנְד אַזוֹי אִיז עֶס אוֹיךְ נִיט דֶער
ווִילֶען פוּן אֵייעֶר פָאטֶער אִים הִימֶעל,
דָאס אֵיינְס פוּן דִיזֶע קְלֵיינֶע זָאל פַארְ־
לוֹירֶען גֵיין׃
15 נָאךְ מֶעהְר, אוּנְד וֶוען דֵיין בְּרוּדֶער
הָאט קֶעגֶען דִיר גֶעזִינְדִיגְט, גֵייא אוּנְד
שְׁטְרָאף אִיהְם צְווִישֶׁען דִיר אוּנְד אִיהְם
אַלֵיין, וֶועט עֶר דִיךְ צוּהֶערֶען, אַזוֹי
הָאסְט דוּא דֵיין בְּרוּדֶער גֶעוָואוּנֶען׃
16 אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט דִיךְ נִיט צוּ
הֶערֶען נֶעם מִיט דִיר אֵיינֶעם אָדֶער
צְווייא, דָאס דוּרְךְ צְווייא אָדֶער דְרֵייא
עֵדוּת זָאל יֶעדֶע זַאךְ בֶּעשְׁטִימְט וֶוערֶען׃
17 אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט זֵייא נִיט צוּ־
הֶערֶען זָאגְט עֶס צוּ דֶער קְהִלָה, אוּנְד
וֶוען עֶר וֶועט צוּ דֶער קְהִלָה אוֹיךְ נִיט

צוּהֶערֶען, אַזוֹי זָאל עֶר בֵּייא דִיר זֵיין
וִויא אֵיין גּוֹי אָדֶער וִויא אֵיין מוֹכֵס:
18 פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ, דָאס
וָואס אִיהְר וֶועט בִּינְדֶען אוֹיף דֶער
עֶרְד, דָאס וֶועט זֵיין גֶעבּוּנְדֶען אִים
הִימֶעל, אוּנְד דָאס וָואס אִיהְר וֶועט
אוֹיפְבִּינְדֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, דָאס וֶועט
זֵיין אוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען אִים הִימֶעל:
19 וִוידֶער זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוען צְוֵוייא
פוּן אֵייךְ וֶועלֶען אֵיינִיג וֶוערֶען אוֹיף
דֶער עֶרְד, אִיבֶּער יֶעדֶע זַאךְ וָואס
זֵייא וֶועלֶען בֶּעטֶען, אַזוֹי וֶועט עֶס פַּאר
זֵייא גֶעטְהוּן וֶוערֶען פוּן מֵיין פָאטֶער
וָואס אִיז אִים הִימֶעל:
20 וָוארִין וְואוּ צְוֵוייא אָדֶער דְרֵייא
קוּמֶען זִיךְ צוּזַאמֶען אִין מֵיין נָאמֶען,
דָא בִּין אִיךְ צְוִוישֶׁען זֵייא:
21 דֶערְנָאךְ אִיז פֶּעטְרוּס צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר,
וִויא פִּיל מָאל זָאל מֵיין בְּרוּדֶער קֶעגֶען
מִיר זִינְדִיגֶען, אוּנְד אִיךְ זָאל אִיהְם
פֶּערְגֶעבֶּען, בִּיז זִיבֶּען מָאל?
22 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אִיךְ זָאג דִיר נִיט בִּיז זִיבֶּען מָאל,
נֵייעֶרְט בִּיז זִיבְּצִיג מָאל זִיבֶּען:
23 דָארוּם אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
הִימֶעל גְלֵייךְ צוּ אַ קֶענִיג, וָואס הָאט
גֶעוָואלְט רֶעכְנוּנְג נֶעמֶען פוּן זֵיין
קְנֶעכְט:
24 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
צוּ רֶעכְנֶען הָאט מֶען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט
אֵיין בַּעַל־חוֹב פוּן צֶעהֶען טוֹיזֶענְד
צֶענְטֶער זִילְבֶּער:
25 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט נִיט גֶעהַאט
צוּ בֶּעצָאלֶען, אַזוֹי הָאט אִיהְם זֵיין
הַאר גֶעהֵייסֶען פַארְקוֹיפֶען, אוּנְד זֵיין
וַוייבּ אוּנְד קִינְדֶער, אוּנְד אַלֶעס וָואס
עֶר הָאט גֶעהַאט, כְּדֵי עֶר זָאל בֶּע־
צָאלְט וֶוערֶען:
26 אוּנְד דֶער קְנֶעכְט אִיז אַנִידֶער
גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם
גֶעבִּיקְט, אוּנְד הָאט גְעזָאגְט, הַאר,
הָאבּ גֶעדוּלְד מִיט מִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל
אַלֶעס בֶּעצָאלֶען:
27 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר פוּן דִיזֶען
קְנֶעכְט רַחֲמָנוּת בֶּעקוּמֶען אוּנְד הָאט
אִיהְם לוֹיז גֶעלָאזֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם
דֶעם חוֹב פֶערְגֶעבֶען:
28 אוּנְד וִויא דִיזֶער קְנֶעכְט אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר גֶעפוּנֶען
אֵיינֶעם פוּן דִיא אַנְדֶערֶע קְנֶעכְט, וָואס
אִיז אִיהְם שׁוּלְדִיג גֶעוֶועזֶען הוּנְדֶערְט
גְּרָאשֶׁען, אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְם אָנְגֶע־
נוּמֶען בֵּייא דֶעם הַאלְז, אוּנְד הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, צַאל מִיר וָואס דוּא
בִּיסְט שׁוּלְדִיג:
29 אַזוֹי אִיז דֶער קְנֶעכְט פַאר זֵיינֶע
פִּיס גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶע־
בֶּעטֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זֵייא מִיט
מִיר גֶעדוּלְדִיג, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר
אַלֶעס בֶּעצָאלֶען:
30 אָבֶער עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט, אוּנְד
אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט אִיהְם אִים
גֶעפֶענְגְנִיס אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען בִּיז עֶר וֶועט
בֶּעצָאלֶען דֶעם חוֹב:
31 אוּנְד וֶוען דִיא אַנְדֶערֶע קְנֶעכְט
הָאבֶען גֶעזֶעהֶען וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁע־
הֶען, הָאבֶּען זֵייא זֶעהְר פִיל פֶערְדְרוּס
גֶעהַאט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאבֶען זֵייעֶר הַאר דֶערְצֵיילְט
אַלֶעס וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען:
32 אַזוֹי הָאט אִיהְם זֵיין הַאר גֶערוּ־
פֶען, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא
שְׁלֶעכְטֶער קְנֶעכְט, אִיךְ הָאבּ דִיר

פֶערגֶעבֶּען דֶעם גאַנצֶען חוב ווייל
דוא הָאסְט מִיךְ גֶעבֶּעטֶען:
33 הָאסְט דוא אויךְ נִיט גֶעקֶערְט
רַחֲמָנוּת צוּ הָאבֶּען אִיבֶּער דֵיין חַבֵר־
קְנֶעכְט, אַזוי וויא אִיךְ הָאבּ אִיבֶּער
דִיר רַחֲמָנוּת גֶעהַאט?
34 אוּנְד זֵיין הַאר הָאט זִיךְ דֶער־
צֶערְנְט, אוּנְד הָאט אִיהְם אִיבֶּערְגֶע־
גֶעבֶּען צוּ דִיא פֵּיינִיגֶערְס, בִּיז עֶר
וֶועט אִיהְם בֶּעצָאלֶען אַלֶעס וָואס עֶר
אִיז אִיהְם שׁוּלְדִיג גֶעוֶועזֶען:
35 אַזוי וֶועט מֵיין הִימְלִישֶׁער פָאטֶער
אויךְ טְהוּן צוּ אֵייךְ וֶוען אִיהְר וֶועט
נִיט אִיטְלִיכֶער זֵיין בְּרוּדֶער זֵיינֶע
פֶעלֶער פֶערְגֶעבֶּען פוּן אֵייעֶר הַארְץ:

## קאפיטעל יט

1 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶע־
עֶנְדִיגְט דִיזֶע רֵייד, אִיז עֶר אַוֶועקְגֶע־
גַאנְגֶען פוּן גָלִיל, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען
אִין דִיא גְרֶענְעֶצֶען פוּן יְהוּדָה, אויף
דֶער אַנְדֶערֶע זֵייט יַרְדֵן:
2 אוּנְד אֵיין גְרוֹיס פָאלְק הָאט אִיהְם
נָאכְגֶעפָאלְגְט, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
דָארְטֶען גֶעהֵיילְט:
3 אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְּרוּפְט,
אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיז עֶס
דֶערְלוֹיבְּט דָאס אַ מַאן זָאל זֵיין ווייבּ
מְגָרֵשׁ זֵיין פוּן אִיטְלִיכֶע אוּרְזַאךְ וֶועגֶען?
4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הָאט אִיהְר דֶען
נִיט גֶעלֵיינְט, דָאס דֶער וָואס הָאט זֵייא
בֶּעשַׁאפֶען פוּן אָנְפַאנְג, הָאט זֵייא
בֶּעשַׁאפֶען זָכָר אוּנְד נְקֵבָה:
5 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָארוּם זָאל
אֵיין מֶענְשׁ פֶערְלָאזֶען זֵיין פָאטֶער אוּנְד
זֵיין מוּטֶער, אוּנְד זָאל זִיךְ בֶּעהֶעפְטֶען
אָן זֵיין ווייבּ, אוּנְד זֵייא בֵּיידֶע זָאלֶען
זֵיין אֵיין לֵייבּ:
6 דָארוּם זֶענֶען זֵייא נִיט מֶעהְר
צְווייא, נֵייעֶרְט אֵיין לֵייבּ, אוּנְד וָואס
גָאט הָאט צוּזַאמֶען פֶערְאֵיינִיגְט, דָאס
זָאל קֵיין מֶענְשׁ נִיט צוּשֵׁיידֶען:
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וָוארוּם הָאט דֶען משֶׁה גֶעבָּאטֶען אַז
מֶען זָאל אִיהְר אַ גֶט גֶעבֶּען אוּנְד מֶען
זָאל זִיא מְגָרֵשׁ זֵיין?
8 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
עֶס אִיז וֶועגֶען אֵיירֶע הַארְטְהַארְצִיגְקֵייט
דָאס משֶׁה הָאט אֵייךְ דֶערְלוֹיבְּט אֵיירֶע
ווייבֶּער מְגָרֵשׁ צוּ זֵיין, אָבֶּער פוּן אָנְ־
פַאנְג אִיז עֶס נִיט אַזוי גֶעוֶועזֶען:
9 אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ, דָאס וֶוער עֶס
וֶועט זֵיין ווייבּ מְגָרֵשׁ זֵיין, חוּץ וֶועגֶען
זְנוּת, דֶער טְהוּט אוּמְקֵיישֶׁען, אוּנְד
וָואס וֶועט נֶעמֶען אֵיינֶע גְרוּשָׁה, טְהוּט
אויךְ אוּמְקֵיישֶׁען:
10 אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען דִיא זַאךְ אִיז אַזוי
צְווִישֶׁען מַאן אוּנְד ווייבּ, אַזוי אִיז עֶס
נִיט גוּט צוּ הֵייראַטֶען:
11 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
נִיט אַלֶע קֶענֶען דָאס וָוארְט אָנְנֶעמֶען,
נֵייעֶרְט דִיא צוּ וֶועמֶען עֶס אִיז גֶעגֶעבֶּען:
12 וָוארִין עֶס זֶענֶען פֶערְהַאנְדֶענֶע
סָרִיסִים, וָואס זֶענֶען אַזוי גֶעבּוֹירֶען
פוּן זֵייעֶר מוּטֶערְס לֵייבּ, אוּנְד עֶס
זֶענֶען פֶערְהַאנְדֶען סָרִיסִים, וָואס זֶענֶען
פֶערְשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען בֵּייא מֶענְשֶׁען,
אוּנְד עֶס זֶענֶען פֶערְהַאנְדֶען סָרִיסִים,
וָואס הָאבֶּען זִיךְ אַלֵיין פֶערְשְׁנִיטֶען
וֶועגֶען דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל.
וֶוער עֶס קֶען דָאס אָנְנֶעמֶען, דֶער זָאל
עֶס אָנְנֶעמֶען:

13 דֶערְנָאךְ הָאט מֶען צוּ אִיהְם גֶע־
בְּרַאכְט קִינְדֶער דָאס עֶר זָאל דִיא
הֶענְד אוֹיף זֵייא לֵייגֶען, אוּנְד עֶר זָאל
בֶּעטֶען. אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען
זֵייא אָנְגֶעשְׁרִיעֶן׃
14 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, לָאזְט
דִיא קִינְדֶער גֵיין, אוּנְד פֶערְבִּיט זֵייא
נִיט צוּ מִיר צוּ קוּמֶען, וָוארִין פוּן
זָאלְכֶע אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל׃
15 אוּנְד עֶר הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף
זֵייא גֶעלֶעגְט, אוּנְד עֶר אִיז פוּן דָארְ־
טֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען׃
16 אוּנְד זֶעה, אֵיינֶער אִיז צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
גוּטֶער רַבִּי, וָואס פַאר אֵיין גוּטֶעס זָאל
אִיךְ טְהוּן דָאס אִיךְ זָאל הָאבֶּען דָאס
אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען?
17 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָעגְט,
וָוארוּם רוּפְסְט דוּא מִיךְ גוּט? קֵיינֶער
אִיז גוּט, נֵייעֶרְט אֵיינֶער, דָאס אִיז גָאט,
אָבֶּער וֶוען דוּא ווִילְסְט אִים לֶעבֶּען
אַרֵיינְקוּמֶען, אַזוֹי הִיט דִיא מִצְוֹת׃
18 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט׃
וֶועלְכֶע? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט,
דוּא זָאלְסְט נִיט מָארְדֶען, דוּא זָאלְסְט
נִיט אוּמְקֵיישֶׁען, דוּא זָאלְסְט נִיט גַנְבֶע־
נֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט פַאלְשׁ עֵדוּת
זָאגֶען׃
19 הַאלְט בִּכְבוֹד דֵיין פָאטֶער אוּנְד
דֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט לִיבֶּען
דֵיין גֶעזֶעלֶען ווִיא זִיךְ זֶעלְבְּסְט׃
20 דֶער יוּנְגֶער מַאן הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, דָאס אַלֶעס הָאבּ אִיךְ גֶעהִיט
פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד אָן, וָואס פֶעלְט מִיר
נָאךְ?
21 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וֶוען דוּא ווִילְסְט זֵיין פָאלְקָאמֶען, אַזוֹי
גֵייא אוּנְד פֶערְקוֹיף וָואס דוּא הָאסְט
אוּנְד גִיבּ עֶס צוּ דִיא אָרֶעמֶע, אוּנְד
דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אֵיין אוֹצָר אִים
הִימֶעל. אוּנְד קוּם אוּנְד פָאלְג מִיר
נָאךְ׃
22 ווִיא דֶער יוּנְגֶער מַאן הָאט דָאס
וָוארְט גֶעהֶערְט אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
טְרוֹיעֶרִיג, וָוארִין עֶר הָאט גֶעהַאט פִיל
פֶערְמֶעגֶען׃
23 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע
תַּלְמִידִים, פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ
דָאס אַ רֵייכֶער וֶועט שְׁוֶוערְלִיךְ אַרֵיינְ־
קוּמֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל׃
24 אוּנְד ווִידֶער זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס
אִיז גְרִינְגֶער פַאר אַ קֶעמֶעל דוּרְכְצוּגֵיין
דוּרְךְ דֶעם לָאךְ פוּן אַ נָאדֶעל, ווִיא פַאר
אַ רֵייכֶען אַרֵיינְצוּקוּמֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן הִימֶעל׃
25 אוּנְד וֶוען זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען
דָאס גֶעהֶערְט הָאבֶּען זֵייא זִיךְ זֶעהְר
פֶערְוָואוּנְדֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָעגְט,
וֶוער קֶען דֶען נִצוֹל וֶוערֶען?
26 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא אָנְגֶעזֶעהֶען,
אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בֵּייא מֶענְ־
שֶׁען אִיז דָאס אוּנְמֶעגְלִיךְ, אָבֶּער מִיט
גָאט אִיז אַלֶעס מֶעגְלִיךְ׃
27 אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, מִיר הָאבֶּען
אַלֶעס פֶערְלָאזֶען, אוּנְד הָאבֶּען דִיר
נָאכְגֶעפָאלְגְט, וָואס וֶועלֶען מִיר דֶערְפַאר
הָאבֶּען?
28 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט׳
פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ דָאס אִיהְר וָואס
הָאט מִיר נָאכְגֶעפָאלְגְט אִין דֶער נֵייעֶר
גֶעבּוּרְט, וֶוען דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט זִיצֶען
אוֹיף דֶעם כִּסֵא־הַכָּבוֹד, אַזוֹי וֶועט
אִיהְר אוֹיךְ זִיצֶען אוֹיף צְוֶועלְף שְׁטוּלֶען

אוּנְד וֶועט מִשְׁפָּטֶען דִיא צְוֶועלְף שְׁבָטִים
פוּן יִשְׂרָאֵל :
29 אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט פֶערְ־
לָאזֶען הֵייזֶער, אָדֶער בְּרִידֶער אָדֶער
שְׁוֶועסְטֶער, אָדֶער פָאטֶער אוּנְד מוּטֶער
אָדֶער וַוייבּ אוּנְד קִינְדֶער, אָדֶער פֶעלְ־
דֶער, פוּן מֵיין נָאמֶען'ס וֶועגֶען, דֶער
וֶועט בֶּעקוּמֶען הוּנְדֶערְט מָאל אַזוֹי פִּיל,
אוּנְד וֶועט דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען
יַרְשֶׁענֶען :
30 אָבֶּער פִּילֶע וָואס זֶענֶען דִיא
עֶרְשְׁטֶע וֶועלֶען זַיין דִיא לֶעצְטֶע, אוּנְד
דִיא לֶעצְטֶע וֶועלֶען זַיין דִיא עֶרְשְׁטֶע :

## קַאפִּיטֶעל כ

1 וָוארִין דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל
אִיז גְלֵייךְ צוּ אֵיין בַּעַל הַבַּיִת, וָואס
אִיז צוּ מָארְגֶען פְרִיה אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען
אַרְבֵּייטֶער צוּ דִינְגֶען פַאר זַיין וַויינְ־
גָארְטֶען :
2 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ פֶערְגְלֵייכְט מִיט
דִיא אַרְבֵּייטֶער פַאר אֵיין גִילְדֶען אַ טָאג,
אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעשִׁיקְט אִין זַיין
וַויינְגָארְטֶען אַרֵיין :
3 אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען אִין
דֶער דְרִיטֶער שָׁעָה אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען
אַנְדֶערֶע לֵיידִיג שְׁטֵיין אוֹיף דֶעם מַארְק :
4 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
גֵייט אִיהְר אוֹיךְ אִין מֵיין וַויינְגָארְטֶען
אַרֵיין, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ גֶעבֶּען וָואס
רֶעכְט אִיז :
5 אַזוֹי זֶענֶען זַייא אַהִין גֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד עֶר אִיז ווִידֶער אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען
אִין דֶער זֶעקְסְטֶער אוּנְד נֵיינְטֶער שָׁעָה,
אוּנְד הָאט אוֹיךְ אַזוֹי גֶעטְהוּן :
6 אוּנְד אִין דֶער עֶלְפְטֶער שָׁעָה אִיז
עֶר אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶע־
פוּנֶען אַנְדֶערֶע לֵיידִיג שְׁטֵיין, אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וַוארוּם שְׁטֵייט
אִיהְר דֶעם גַאנְצֶען טָאג לֵיידִיג ?
7 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
ווייל קֵיינֶער הָאט אוּנְס נִיט גֶעדוּנְגֶען,
אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט, גֵייט
אִיהְר אוֹיךְ אִין דֶעם וַויינְגָארְטֶען אַרֵיין,
אוּנְד אִיהְר וֶועט בֶּעקוּמֶען וָואס רֶעכְט אִיז :
8 אוּנְד אוֹיף דֶעם אָבֶּענְד זָאגְט דֶער
הַאר פוּן דֶעם וַויינְגָארְטֶען צוּ זַיין
שַׁאפֶער, רוּף דִיא אַרְבֵּייטֶער, אוּנְד
בֶּעצָאל זַייא זַייעֶר לוֹין, אוּנְד הֵייבּ אָן
פוּן דֶעם לֶעצְטֶען בִּיז צוּם עֶרְשְׁטֶען :
9 אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גֶע־
דוּנְגֶען אִין דֶער עֶלְפְטֶער שָׁעָה זֶענֶען
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען בֶּעקוּמֶען
אִיטְלִיכֶער אֵיין גִילְדֶען :
10 אוּנְד וֶוען דִיא עֶרְשְׁטֶע זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעדַאכְט אַז
זַייא וֶועלֶען מֶער קְרִיגֶען, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אוֹיךְ בֶּעקוּמֶען אִיטְלִיכֶער אֵיי
גִילְדֶען :
11 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען עֶס בֶּעקוּמֶען,
אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעמוּרְמֶעלְט קֶעגֶען
דֶעם בַּעַל הַבַּיִת :
12 אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶע לֶעצְטֶע
הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט אֵיינֶע שָׁעָה, אוּנְד
דוּא הָאסְט זַייא גֶעמַאכְט גְלֵייךְ מִיט
אוּנְס וָואס הָאבֶּען גֶעלִיטֶען דִיא לַאסְט
אוּנְד דִיא הִיץ פוּן דֶעם טָאג :
13 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט צוּ אֵיינֶעם פוּן זַייא, מֵיין
פְרֵיינְד, אִיךְ טְהוּ דִיר נִיט קֵיין אוּנְ־
רֶעכְט (עַוְלָה), הָאסְט דוּא דִיךְ נִיט מִיט
מִיר פֶערְגְלֵייכְט פַאר אֵיין גִילְדֶען ?
14 נֶעם דִיר דָאס דֵיינִיגֶע, אוּנְד גֵייא
אַוֶועק, אִיךְ ווִיל דִיזֶע לֶעצְטֶע גֶעבֶּען
אַזוֹי ווִיא דִיר :

15 אָבֶער עֶס אִיז מִיר נִיט דֶערלויבְּט
צוּ טְהוּן מִיט מֵיין אֵייגֶענֶעם וָואס אִיךְ
ווִיל? אִיז דֵיין אויג שְׁלֶעכְט ווֵייל אִיךְ
בִּין גוּט?
16 אַזוֹי וֶועלֶען דִיא לֶעצְטֶע זֵיין דִיא
עֶרשְׁטֶע, אוּנְד דִיא עֶרשְׁטֶע דִיא לֶעצְטֶע,
וָוארִין פִּילֶע זֶענֶען בֶּערוּפֶען, אָבֶער
ווֵיינִיגֶע זֶענֶען אוֹיסדֶערווֵיילְט:
17 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיפגֶעגַאנְ־
גֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, הָאט עֶר גֶענוּמֶען
דִיא צְוֶועלְף תַּלְמִידִים אָן דֶער זַייט
אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט:
18 נוּן גֵייעֶן מִיר אַרוֹיף נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט אִיבֶּערגֶעלִיי־
פֶערְט וֶוערֶען צוּ דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים
אוּנְד דִיא סוֹפְרִים, אוּנְד זַייא וֶועלֶען
אִיהְם פֶערשׁוּלְדִיגֶען צוּם טוֹיט:
19 אוּנְד זַייא וֶועלֶען אִיהְם אִיבֶּער־
לִיפֶערֶען צוּ דִיא גוֹיִם אַז זַייא זָאלֶען
אִיהְם אוֹיסשְׁפָּאטֶען אוּנְד מִיט רִיטֶער
שְׁלָאגֶען אוּנְד קְרֵייצִיגֶען, אוּנְד אוֹיף
דֶעם דְרִיטֶען טָאג וֶועט עֶר ווִידֶער
אוֹיפְשְׁטֵיין:
20 דֶערנָאךְ אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען
דִיא מוּטֶער פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן זַבְדִי
מִיט אִיהְרֶע זִיהְן, אוּנְד הָאט זִיךְ צוּ
אִיהְם גֶעבּוּקְט, אוּנְד הָאט עֶפֶּעס פוּן
אִיהְם גֶעבֶּעטֶען:
21 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט
וָואס ווִילסְט דוּא? הָאט זִיא גֶעזָאגְט
צוּ אִיהְם, הֵייס דָאס דִיזֶע מֵיינֶע צְווֵייא
זִיהְן זָאלֶען, זִיצֶען, אֵיינֶער צוּ דֵיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד אֵיינֶער צוּ דֵיין
לִינְקֶער, אִין דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ:
22 אָבֶער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר ווֵייסְט נִיט
וָואס אִיהְר פֶערלַאנְגְט, קֶענְט אִיהְר
טְרִינְקֶען דֶעם כּוֹס וָואס אִיךְ וֶועל
טְרִינְקֶען, אוּנְד גֶעטוֹיפְט וֶוערֶען מִיט
דֶער טוֹיפֶע וָואס אִיךְ בִּין דֶערְמִיט
גֶעטוֹיפְט? אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, מִיר קֶענֶען:
23 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
מֵיין כּוֹס וֶועט אִיהְר טַאקֶע טְרִינְקֶען.
אוּנְד מִיט דֶער טוֹיפֶע וָואס אִיךְ בִּין
גֶעטוֹיפְט וֶועט אִיהְר אוֹיךְ גֶעטוֹיפְט
וֶוערֶען, אָבֶער צוּ זִיצֶען אָן מֵיינֶע רֶעכְטֶע
הַאנְד אוּנְד צוּ מֵיינֶע לִינְקֶער הַאנְד קֶעהְר
נִיט צוּא מִיר צוּ גֶעבֶּען, נֵייעֶרְט צוּ דִיא,
פַאר וֶועמֶען עֶס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט פוּן
מֵיין פָאטֶער:
24 אוּנְד ווִיא דִיא צֶעהֶען הָאבֶּען דָאס
גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶס זַייא פֶערְ־
דְרָאסֶען, אִיבֶּער דִיא צְווֵייא בְּרִידֶער:
25 אָבֶער יֵשׁוּעַ הָאט זַייא צוּ זִיךְ גֶעְ־
רוּפֶען, אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיהְר ווֵייסְט דָאס
דִיא פִירשְׁטֶען פוּן דִיא פֶעלְקֶער הֶערְ־
שֶׁען אִיבֶּער זַייא, אוּנְד דִיא גְרוֹיסֶע
גֶעוֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער זַייא:
26 אָבֶער עֶס זָאל נִיט אַזוֹי זֵיין
צְווִישֶׁען אֵייךְ, נֵייעֶרְט וֶוער עֶס ווִיל
גְרוֹיס זֵיין צְווִישֶׁען אֵייךְ, לָאז עֶר זֵיין
אֵייעֶר בֶּעדִינְטֶער:
27 אוּנְד וֶוער עֶס ווִיל דֶער עֶרשְׁטֶער
זֵיין צְווִישֶׁען אֵייךְ, לָאז עֶר זֵיין אֵייעֶר
קְנֶעכְט:
28 אַזוֹי ווִיא דֶער בֶּן־אָדָם אִיז נִיט
גֶעקוּמֶען בֶּעדִינְט צוּ וֶוערֶען נֵייעֶרְט צוּ
בֶּעדִינֶען, אוּנְד זֵיין לֶעבֶּען צוּ גֶעבֶּען
אַלְס אֵיין אוֹיסלֵייזוּנְג פַאר פִּילֶע:
29 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַ־
גַאנְגֶען פוּן יְרִיחוֹ אַזוֹי הָאט אִיהְם אַ
גְרוֹיס פָאלְק נָאכְגֶעפָאלְגְט·

30 אונד זעה צווייא בלינדע זענגען
געזעסען ביים וועג, אונד ווען זייא
האבען געהערט אז ישוע גייט פער־
בייא, אזוי האבען זייא געשריען אונד
געזאגט, דערבארם דיך איבער אונס,
האר, דוא זוהן פון דוד:
31 אונד דאס פאלק האט זייא אנגע־
שריען, אז זייא זאלען שטיל שווייגען,
אבער זייא האבען נאך מעהר געשריען
אונד האבען געזאגט, דערבארם דיך
איבער אונס, האר, דוא זוהן פון דוד:
32 אונד ישוע איז שטיל געשטאנען,
אונד האט זייא גערופען, אונד געזאגט,
וואס ווילט איהר דאס איך זאל אייך
טהון?
33 אונד זייא האבען צו איהם גע־
זאגט, האר, דאס אונזערע אויגען
זאלען אויפגעמאכט ווערען:
34 אונד ישוע האט איבער זייא
רחמנות בעקומען, אונד האט זיירע
אויגען אנגערירט, אונד זיירע אויגען
זענען באלד זעהענדיג געווארען, אונד
זייא האבען איהם נאכגעפאלגט:

## קאפיטעל כא

1 אונד ווען זייא האבען גענעהנט צו
ירושלים, אונד זענען געקומען בייא
בית פגי צום הר הזיתים אזוי האט
ישוע אויסגעשיקט צווייא תלמידים:
2 אונד האט צו זייא געזאגט, גייט אהין
צום דארף וואס איז קעגען איבער
אייך, אונד איהר וועט באלד געפינען
איין אייזעל אנגעבונדען, אונד איין יונג
פילכען דערבייא, בינדעט זייא אויף,
אונד ברענגט זייא צו מיר:
3 אונד ווען אימעצער וועט אייך
עפעס זאגען, אזוי זאגט איהר דאס
דער האר בעדארף זייא, אונד ער וועט
זייא באלד שיקען:
4 אונד דאס אלעס איז געשעהן, כדי
עס זאל מקוים ווערען וואס איז גע־
זאגט דורך דעם נביא, דער דא זאגט:
5 זאגט צו דער טאכטער פון ציון,
זעה דיין קעניג קומט צו דיר, זאנפט־
מוטיג אונד ער רייט אויף איין אייזעל
אונד אויף איין יונג פילכען, דאס יונגע
פון איין אייזעל:
6 אונד דיא תלמידים זענען געגאנגען,
אונד האבען געטהון אזוי וויא ישוע
האט זייא בעפוילען:
7 אונד זייא האבען געבראכט דעם
אייזעל אונד דאס יונגע פילכען, אונד
האבען זיירע קליידער דארויף געלייגט,
אונד האבען איהם דארויף געזעצט:
8 אונד פיל פאלק האבען זיירע
קליידער אויסגעשפרייט אויף דעם וועג,
אונד אנדערע האבען אבגעשניטען
צווייגען פון דיא ביימער אונד האבען
זייא אויסגעשפרייט אויף דעם וועג:
9 אונד דאס פאלק וואס איז פאר
איהם אונד נאך איהם געגאנגען,
האבען געשריען אונד געזאגט, הושענה
צו דעם זוהן פון דוד, געלויבט איז
דער וואס קומט אין דעם נאמען פון
דער האר גאט, הושענה אין דער הויך:
10 אונד ווען ער איז נאך ירושלים
אריינגעקומען, אזוי איז דיא גאנצע
שטאט אין א געטומעל געוועזען, אונד
האבען געזאגט, ווער איז דער?
11 אונד דאס פאלק האט געזאגט דאס
איז ישוע, דער נביא פון נצרת וואס אין
גליל.
12 אונד ישוע איז אריינגעגאנגען אין
היכל פון גאט, אונד האט ארויסגעטרי־
בען אלע דיא וואס האבען פערקויפט

אוּנְד גֶעקוֹיפְט אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד הָאט אוּמְגֶעוָוארְפֶען דִיא טִישֶׁען פוּן דִיא גֶעלְדוֶועקְסְלֶערְס אוּנְד דִיא שְׁטוּלֶען פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען טוֹיבֶּען פֶערְקוֹיפְט׃

13 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, מֵיין הויז זָאל גֶערוּפֶען וֶוערֶען אֵיין הויז פוּן גֶעבֶּעט, אוּנְד אִיהְר הָאט דֶערְפוּן גֶעמַאכְט אַ הֵייל פוּן רוֹיבֶּער׃

14 אוּנְד עֶס זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען בְּלִינְדֶע אוּנְד קְרוּמֶע אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעהֵיילְט׃

15 אוּנְד וֶוען דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד סוֹפְרִים הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דִיא וְואוּנְדֶער וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, אוּנְד דִיא קִינְדֶער וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּנְד גֶעזָאגְט, הוֹשַׁעֲנָה צוּ דֶעם זוּהְן פוּן דָוִד! אַזוֹי הָאט עֶס זֵייא פֶערְדְרָאסֶען׃

16 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, הֶערְסְט דוּא וָואס דִיא דָאזִיגֶע זָאגֶען? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, יוֹא, הָאט אִיהְר נִיט גֶעלֵיינְט, פוּן דֶעם מוֹיל פוּן יוּנְגְלִינְגֶע אוּנְד קִינְדֶער הָאסְט דוּא אֵיין לוֹיב פֶעסְט גֶעזֶעצְט׃

17 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פֶערְלָאזְט, אוּנְד אִיז אוֹיס דֶער שְׁטָאט אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען נָאךְ בֵּית עֲנִיָה, אוּנְד הָאט דָארְטֶען אִיבֶּערְגֶענֶעכְטִיגְט׃

18 אוּנְד צוּ מָארְגֶען פְּרִיה וֶוען עֶר אִיז וִוידֶער אִין דֶער שְׁטָאט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי אִיז עֶר הוּנְגְרִיג גֶעוָוארֶען׃

19 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אֵיין פֵייגֶענְבּוֹים אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען דֶערְצוּ, אוּנְד עֶר הָאט דַארוֹיף נִיט מֶעהְר גֶעפוּנֶען וִויא בְּלֶעטְלֶעךְ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם, עֶס זָאל נִיט מֶעהְר קֵיינֶע פֵּרוֹת אוֹיף דִיר וַואקְסֶען אוֹיף אֵייבִּיג, אוּנְד דֶער פֵייגֶענְבּוֹים אִיז בַּאלְד פֶערְדַארְט גֶעוָוארֶען׃

20 אוּנְד וִויא דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, וִויא גֶעשְׁוִוינְד דֶער פֵייגֶענְבּוֹים אִיז פֶערְדַארְט גֶעוָוארֶען?

21 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוען אִיהְר זָאלְט הָאבֶּען גְלוֹיבֶּען, אוּנְד זָאלְט נִיט צְווייפֶעלְן, אַזוֹי וֶועט אִיהְר נִיט אַלֵיין טְהוּן וָואס אִיז גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען צוּם פֵייגֶענְבּוֹים, נֵייעֶרְט וֶוען אִיהְר וֶועט אוֹיךְ זָאגֶען צוּ דִיזֶען בַּארְג, דוּא זָאלְסְט דִיךְ אוֹיפְהֵייבֶּען אוּנְד זָאלְסְט אִין דֶעם יַם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען, אַזוֹי וֶועט עֶס גֶעשֶׁעהֶען׃

22 אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיהְר וֶועט פֶערְלַאנְגֶען אִים גֶעבֶּעט, אוּנְד וֶועט גְלוֹיבֶּען, אַזוֹי וֶועט אִיהְר עֶס מְקַבֵּל זַיין׃

23 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרֵיין, אַזוֹי זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא עֶלְטְסְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק, וֶוען עֶר הָאט גֶעלֶערְנְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּרךְ וָואס פַאר אַ מַאכְט טְהוּסְט דוּא דִיא זַאכֶען? אוּנְד וֶוער הָאט דִיר דִיזֶע מַאכְט גֶעגֶעבֶּען?

24 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ וִויל אֵייךְ אוֹיךְ אֵיין זַאךְ פְרֶעגֶען, וֶוען אִיהְר וֶועט מִיר דָאס זָאגֶען אַזוֹי וֶועל אִיךְ אֵייךְ

אויך זאגען דורך וואס פאר איין מאכט
איך טהוא דיזע זאכען:
25 פון וואנען איז דיא טבילה פון
יוחנן געוועזען, איז זיא געוועזען פום
הימעל, אדער פון מענשען? אונד
זייא האבען זיך מיט איינאנדער מישב
געוועזען אונד האבען געזאגט, ווען
מיר וועלען זאגען פום הימעל, אזוי
וועט ער זאגען ווארום האט איהר
איהם דען ניט געגלויבט:
26 אונד ווען מיר וועלען זאגען פון
מענשען, אזוי האבען מיר מורא פאר
דעם פאלק. וואָרין אלע האבען יוחנן
געהאלטען פאר איין נביא:
27 אונד זייא האבען געענטפערט צו
ישוע אונד האבען געזאגט, מיר ווייסען
ניט. אזוי האט ער צו זייא געזאגט,
איך וועל אייך אויך ניט זאגען דורך
וואס פאר איין מאכט איך טהו דיזע
זאכען
28 אונד וואס דאכט זיך אייך? איין
מאן האט געהאט צווייא זיהן, אונד ער
איז געקומען צום ערשטען אונד האט
געזאגט, מיין זוהן, גייא אונד ארבייט
היינט אין מיין ווייגארטען:
29 אונד ער האט געענטפערט אונד
האט געזאגט, איך וויל ניט, דערנאך
האט ער זיך בעדענקט אונד איז גע־
גאנגען:
30 אונד ער איז געקומען צום אנ־
דערן, אונד האט אויך אזוי געזאגט,
אונד ער האט געענטפערט, איך גייא
האר, אונד איז ניט געגאנגען:
31 וועלכער פון דיא צווייא האבען
געטהון דעם ווילען פון דעם פאטער?
אונד זייא האבען צו איהם געזאגט,
דער ערשטער, אונד ישוע האט צו
זייא געזאגט, פארוואהר זאג איך אייך,
דאס דיא מוכסים אונד דיא הורען
וועלען פריהער פון אייך אריינקומען
אים קעניגרייך פון גאט:
32 וואָרין יוחנן איז צו אייך געקומען
אין דעם וועג פון גערעכטיגקייט, אונד
איהר האט איהם ניט געגלויבט, אבער
דיא מוכסים אונד דיא הורען האבען
איהם געגלויבט, אונד ווען איהר האט
דאס געזעהען, האט איהר דאך ניט
קיין חרטה געהאט דאס איהר זאלט
איהם גלויבען:
33 הערט צו איין אנדער משל, דא
איז געוועזען א בעל־הבית, וואס האט
געפלאנצט איין ווייגארטען, אונד האט
איין צוים דארום געמאכט, אונד האט
איינע קעלטער דרינען געגראבען, אונד
האט געבויט איין טהורם, אונד האט
עס פערדונגען צו וויינגערטנער, אונד
איז אוועקגעפארען:
34 אונד ווען דיא צייט פון פרוכט
איז געקומען, אזוי האט ער געשיקט
זיינע קנעכט צו דיא וויינגערטנער, אז
זייא זאלען זיינע פרוכט צונעמען:
35 אונד דיא וויינגערטנער האבען
זיינע קנעכט גענומען, אונד האבען
איינעם געשלאגען אונד איינעם האבען
זייא אומגעבראכט, אונד איין אנדערען
האבען זייא פערשטיינט:
36 אונד ער האט ווידער אנדערע
קנעכט געשיקט, מעהר וויא דיא
ערשטע, אונד זייא האבען צו דיזע
אויך אזוי געטהון:
37 דערנאך האט ער צו זייא גע־
שיקט זיין זוהן, אונד ער האט גע־
זאגט, זייא וועלען מיין זוהן עהרען:
38 אבער ווען דיא וויינגערטנער

הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זַיין זוּהְן, אַזוֹי הָאבֶּען
זַייא אוּנְטֶער אֵיינְאַנְדֶער גֶעזָאגְט, דָאס
אִיז דֶער יוֹרֵשׁ; קוּמְט, לָאזֶען מִיר
אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען אוּנְד לָאזֶען מִיר
זַיינֶע יְרוּשָׁה צוּנֶעמֶען:
39 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען
אוֹיס דֶעם ווַיינְגָארְטֶען, אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם אוּמְגֶעבְּרַאכְט:
40 דְרוּם ווֶען דֶער הַאר פוּן דֶעם
ווַיינְגָארְטֶען ווֶעט קוּמֶען, וָואס ווֶעט עֶר
טְהוּן צוּ דִיזֶע ווַיינְגֶערְטְנֶער?
41 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, עֶר ווֶעט דִיזֶע רְשָׁעִים מִיט אַ
בֵּייזֶען טוֹיט אוּמְבְּרֶענְגֶען, אוּנְד ווֶעט
דֶעם ווַיינְגָארְטֶען פֶערְלָאזֶען צוּ אַנְדֶערֶע
ווַיינְגֶערְטְנֶער, וָואס ווֶעלֶען אִיהְם דִיא
פֵּירוֹת אָפְּגֶעבֶּען אִין דֶער צַייט:
42 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
הָאט אִיהְר קֵיינְמָאל נִיט גֶעלֵיינְט אִין
דִיא שְׁרִיפְט, דֶער שְׁטֵיין וָואס דִיא בּוֹ־
עֲרִים הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען, דֶער אִיז צוּם
עֶקשְׁטֵיין גֶעוָוארֶען. דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען
פוּן דֶעם הַאר גָאט, אוּנְד עֶס אִיז
וְואוּנְדֶערְלִיךְ אִין אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען:
43 דְרוּם זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז דָאס
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט ווֶעט פוּן אֵייךְ
אַוֶועקְגֶענוּמֶען ווֶערֶען, אוּנְד ווֶעט גֶע־
גֶעבֶּען ווֶערֶען צוּ אֵיין פָאלְק וָואס
טְרָאגְט זַיינֶע פְּרוּכְט:
44 אוּנְד ווֶער עֶס ווֶעט פַאלֶען אוֹיף
דִיזֶען שְׁטֵיין דֶער ווֶעט צוּבְּרָאכֶען
ווֶערֶען. אָבֶער אוֹיף ווֶעמֶען עֶר ווֶעט
פַאלֶען דֶעם ווֶעט עֶר צוּמָאלֶען:
45 אוּנְד ווֶען דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד
דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעהֶערְט זַיינֶע
מְשָׁלִים, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעוְואוּסְט
דָאס עֶר רֶעט פוּן זַייא:
46 אוּנְד ווֶען זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
זוּכְט צוּ נֶעמֶען, הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶע־
פָארְכְטֶען פַאר דֶעם פָאלְק, וָוארִין זַייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעהַאלְטֶען פַאר אֵיין נָבִיא:

קאפּיטעל כב

1 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זַייא ווִידֶער גֶערֶעט אִין
מְשָׁלִים, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט:
2 דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל אִיז
גְלֵייךְ צוּ אֵיין קֶענִיג וָואס הָאט זַיין
זוּהְן חֲתוּנָה גֶעמַאכְט:
3 אוּנְד עֶר הָאט זַיין קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט
צוּ רוּפֶען דִיא וָואס זֶענֶען גֶעבֶּעטֶען
גֶעוָוארֶען צוּ דֶער חֲתוּנָה, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט קוּמֶען:
4 אַזוֹי הָאט עֶר ווִידֶער גֶעשִׁיקְט אַנְ־
דֶערֶע קְנֶעכְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זָאגְט
צוּ דִיא וָואס זֶענֶען גֶעבֶּעטֶען, זֶעהְט,
אִיךְ הָאב אֵייךְ מֵיינֶע סְעוּדָה פֶערְטִיג
גֶעמַאכְט, מֵיינֶע רִינְדֶער אוּנְד מֵיינֶע
פֶעטֶע אָקְסֶען זֶענֶען גֶעשָׁאכְטֶען, אוּנְד
אַלֶעס אִיז פֶערְטִיג. קוּמְט צוּ דֶער
חֲתוּנָה:
5 אָבֶער זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעפְרֶעגְט
דֶערְנָאךְ, אוּנְד זֶענֶען אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען;
אֵיינֶער אִין זַיין פֶעלְד אַרַיין, דֶער
אַנְדֶערֶע צוּ זַיין הַאנְדֶעל:
6 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען גֶענוּמֶען
דִיא קְנֶעכְט אוּנְד הָאבֶּען זַייא אוּמְ־
גֶעבְּרַאכְט:
7 ווֶען דֶער קֶענִיג הָאט דָאס גֶע־
הֶערְט, הָאט עֶר זִיךְ דֶערְצָארְנְט, אוּנְד
עֶר הָאט זַיינֶע זֶעלְנֶער אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט
אוּנְד הָאט דִיא מֶערְדֶערֶערְס אוּמְגֶע־
בְּרַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט זַיירֶע שְׁטָאט
פֶערְבְּרֶענְט:

8 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר צוּ זַיינֶע קְנֶעכְט גֶעזָאגְט, דִיא חַתוּנָה אִיז יֶעצְט פֶּערְטִיג, אָבֶּער דִיא וָואס וַוארֶען גֶעבֶּעטֶען זֶענֶען עֶס נִיט וֶוערְט:

9 דַארוּם גֵייט אִיהְר צוּ דִיא הוֹיפְּט־וֶועגֶען, אוּנְד וֶועמֶען אִיהְר וֶועט גֶעפִינֶען בֶּעט אוֹיף דֶער חַתוּנָה:

10 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט זֶענֶען אַרוֹיס־גֶעגַאנְגֶען צוּא דִיא הוֹיפְּטוֶועגֶען, אוּנְד הָאבֶּען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶועמֶען זַייא הָאבֶּען גֶעפוּנֶען, שְׁלֶעכְטֶע אוּנְד גוּטֶע, אוּנְד דִיא חַתוּנָה אִיז גֶעוֶועזֶען פוּל מִיט גֶעסְט:

11 וֶוען דֶער קֶענִיג אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען דִיא גֶעסְט צוּ זֶעהֶען, אַזוֹי הָאט עֶר דָארְט גֶעזֶעהֶען אַ מַאן וָואס הָאט נִיט גֶעהַאט אָנְגֶעטְהוּן קֵיין חַתוּנַה־קְלֵייד:

12 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מֵיין פְרֵיינְד, וִויא אַזוֹי בִּיסְט דוּא אַהֶער גֶעקוּמֶען אָן אֵיין חַתוּנָה־קְלֵייד? אוּנְד עֶר וַואר פֶערְשְׁטוּמְט:

13 דָא הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט צוּ דִיא בֶּעדִינְטֶע, בִּינְט אִיהְם הֶענְט אוּנְד פִיס, אוּנְד נֶעמְט אִיהְם אוּנְד וַוארְפְט אִיהְם אַרוֹיס אִין דֶער פִינְסטֶערְנִיס, דָארְטֶען וֶועט זַיין גֶעוֵויין אוּנְד צֵיינְ־קְלַאפֶּערַייא:

14 וָוארִין פִילֶע זֶענֶען בֶּערוּפֶען, אָבֶּער וֶוענִיג זֶענֶען אוֹיסֶערְוֵויילְט:

15 דֶערְנָאךְ זֶענֶען דִיא פְּרוּשִׁים אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען, וִויא אַזוֹי זַייא זָאלֶען אִיהְם חַאפֶּען מִיט זַיירֶע וֶוערְטֶער:

16 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט זַיירֶע תַּלְמִידִים, מִיט דִיא לֵייט פוּן הוֹרְדוּס, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, רַבִּי, מִיר וֵוייסֶען דָאס דוּא בִּיסְט וָוארְהַאפְטִיג, אוּנְד לֶעהְרְסְט דֶעם וֶועג פוּן גָאט אִין וָוארְהֵייט, אוּנְד פְרֶעגְסְט נָאךְ קֵיינֶעם נִיט, וָוארִין דוּא בִּיסְט קֵיינֶעם נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים:

17 דַארוּם זָאג אוּנְס וָואס דוּא דֶענְקְסְט, אִיז עֶס רֶעכְט צוּ גֶעבֶּען מַס צוּם קֵייסֶער אָדֶער נִיט?

18 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זַיירֶע בֵּייזְהֵייט בֶּעמֶערְקְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וָואס פְּרוּבְט אִיהְר מִיךְ, אִיהְר הֵייכְלֶערְס?

19 וַוייזְט מִיר דָאס גֶעלְט פוּן מַס, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְרַאכְט אַ מַטְבֵּעַ:

20 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶועמֶעס אִיז דָאס בִּילְד, אוּנְד דִיא אוֹיפְשְׁרִיפְט?

21 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֶעם קֵייזֶער'ס. אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט, דְרוּם גִיבְּט דֶעם קֵייזֶער וָואס אִיז דֶעם קֵייזֶער'ס אוּנְד צוּ גָאט וָואס אִיז גָאט'ס:

22 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ פֶערְוואוּנְדֶערְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, אוּנְד זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען:

32 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען דִיא צְדוּקִים, וָואס זָאגֶען דָאס עֶס וֶועט נִיט זַיין קֵיין תְּחִיַּת הַמֵּתִים:

24 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, רַבִּי, מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט וֶוען אֵיינֶער שְׁטַארְבְּט אוּנְד הָאט קֵיינֶע קִינְדֶער נִיט, אַזוֹי זָאל זַיין בְּרוּדֶער זַיין וַוייבּ הֵייַרַאטֶען, אוּנְד זָאל אוֹיפְשְׁטֶעלֶען קִינְדֶער צוּ זַיין בְּרוּדֶער:



נון

25 נון זֶענֶען בּייא אוּנס גֶעוֶועזֶען
זִיבֶּען בְּרִידֶער, אוּנְד דֶער עֶרשְׁטֶער הָאט
חַתוּנָה גֶעהַאט, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
אוּנְד ווייל עֶר הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע
קִינְדֶער, אַזוֹי הָאט עֶר אִיבֶּערגֶעלָאזְט
זַיין ווייב צוּ זַיין בְּרוּדֶער:
26 אַזוֹי אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם
צְווייטֶען, אוּנְד דֶעם דְרִיטֶען, בִּיז צוּם
זִיבְּטֶען:
27 אוּנְד צוּ לֶעצְט אִיז דָאס ווייב אוֹיךְ
גֶעשְׁטָארְבֶּען:
28 דָארוּם נָאךְ תְּחִיַת הַמֵתִים, וֶועמֶעס
וֶועט זִיא זַיין פוּן דִיא זִיבֶּען? וָוארִין
זַייא הָאבֶּען זַייא אַלֶע גֶעהַאט:
29 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר הָאט אַ טָעוּת אוּנְד
קֶענְט נִיט דִיא שְׁרִיפְט, אוּנְד אוֹיךְ נִיט
דִיא מַאכְט פוּן גָאט:
30 וָוארִין נָאךְ תְּחִיַת הַמֵתִים וֶועט
מֶען נִיט חַתוּנָה הָאבֶּען אוּנְד נִיט
חַתוּנָה מַאכֶען, נֵייעֶרְט זַייא וֶועלֶען זַיין
וויא דִיא מַלְאָכִים פוּן גָאט אִים הִימֶעל:
31 אוּנְד וֶועגֶען תְּחִיַת הַמֵתִים, הָאט
אִיהְר נִיט גֶעלֵייעֶנְט וָואס אִיז צוּ אֵייךְ
גֶעזָאגְט פוּן גָאט, דֶער דָא זָאגְט?
32 אִיךְ בִּין דֶער גָאט פוּן אַבְרָהָם
דֶער גָאט פוּן יִצְחָק, אוּנְד דֶער גָאט
פוּן יַעֲקֹב, גָאט אִיז נִיט דֶער גָאט פוּן
דִיא טוֹיטֶע נֵייעֶרְט פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע:
33 אוּנְד וֶוען דָאס פָאלְק הָאט דָאס
גֶעהֶערְט אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ פֶערְ־
וְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער זַיינֶע לֶערְנוּנְג:
34 אוּנְד וֶוען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען
גֶעהֶערְט, דָאס עֶר הָאט דִיא צַדוּקִים
שְׁטִיל גֶעמַאכְט, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ
פֶערְזַאמֶעלְט:
35 אוּנְד אֵיינֶער פוּן זַייא, אַ בַּעַל־
תּוֹרָה, הָאט אִיהְם גֶעפְּרוּבְט, אוּנְד
הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט:
36 רַבִּי, וֶועלְכֶע אִיז דִיא גְרֶעסְטֶע
מִצְוָה אִין דֶער תּוֹרָה?
37 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, דוּא זָאלְסְט דֶעם הַאר דֵיין גָאט
לִיבֶּען מִיט דֵיין גַאנְצֶען הַארְץ, אוּנְד
מִיט דֵיינֶער גַאנְצֶען זֶעעֶלֶע, אוּנְד מִיט
דֵיין גַאנְצֶען גֶעמִיט:
38 דָאס אִיז דִיא עֶרשְׁטֶע אוּנְד דִיא
גְרֶעסְטֶע מִצְוָה:
39 אוּנְד דִיא צְווייטֶע אִיז גְלֵייךְ צוּ
אִיהְר, דוּא זָאלְסְט לִיבֶּען דֵיינֶען גֶעזֶעלֶען
וויא זִיךְ זֶעלְבְּסְט:
40 אָן דִיזֶע צְווייא מִצְוֹת הֶענְגְט דִיא
גַאנְצֶע תּוֹרָה אוּנְד נְבִיאִים:
41 אוּנְד וֶוען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען זִיךְ
אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט, אַזוֹי הָאט זַייא יֵשׁוּעַ
גֶעפְרֶעגְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט:
42 וָואס דֶענְקְט אִיהְר פוּן דֶעם מָשִׁיחַ?
וֶועמֶעס זוּהְן אִיז עֶר? אוּנְד זַייא
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט דֶער זוּהְן
פוּן דָוִד:
43 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
וויא אַזוֹי דֶען רוּפְט אִיהְם דָוִד אִים
גֵייסְט הַאר? וֶוען עֶר זָאגְט:
44 דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
מֵיין הַאר, זֶעץ דִיךְ צוּ מֵיינֶע רֶעכְטֶע
הַאנְד בִּיז אִיךְ וֶועל דֵיינֶע פֵיינְד מַאכֶע
פַאר אֵיין פוּסבֶּענְקֶעל צוּ דֵיינֶע פִיס:
45 דְרוּם, וֶוען דָוִד רוּפְט אִיהְם הַאר,
וויא אַזוֹי אִיז עֶר זַיין זוּהְן?
46 אוּנְד קֵיינֶער הָאט אִיהְם נִיט גֶע־
קֶענְט עֶנְטפֶערֶען אֵיין וָוארְט. אוּנְד פוּן
דֶעם טָאג אָן הָאט זִיךְ קֵיינֶער נִיט
דֶערְוְואוִיגֶען אִיהְם נָאךְ עֶטְוָואס מֶעהְר
צוּ פְרֶעגֶען:

קאַפּיטעל כג

1 דֶערְנָאךְ הָאט יֵשׁוּעַ גֶערֶעדט צוּם
פָֿאלְק אוּנְד צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים:
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיא סוֹפְרִים
אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים זִיצֶען אוֹיף דֶעם
שְׁטוּהְל פוּן משֶׁה:
3 דְרוּם וָואס זֵייא הֵייסֶען אֵייךְ
הַאלְטֶען, דָאס הַאלְט אוּנְד טְהוּט,
אָבֶער טְהוּט נִיט נָאךְ זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים
נָאךְ: וָוארִין זֵייא זָאגֶען אוּן טְהוּעֶן עֶס
נִיט:
4 וָוארִין זֵייא בִּינְדֶען שְׁוֶוערֶע לַאסְטֶען
וָואס מֶען קָאן נִיט דֶערְטְרָאגֶען, אוּנְד
לֵייגֶען עֶס מֶענְשֶׁען אוֹיף דִיא אַקְסֶעל,
אָבֶער זֵייא אַלֵיין ווִילֶען עֶס אֲפִילוּ נִיט
מִיט אֵיין פִינְגֶער אָנְרִירֶען:
5 אוּנְד אַלֶע זֵיירֶע מַעֲשִׂים טְהוּעֶן
זֵייא אַז זֵייא זָאלֶען גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען
בֵּייא דִיא מֶענְשֶׁען, זֵייא מַאכֶען בְּרֵייט
זֵיירֶע תְּפִילִין, אוּנְד מַאכֶען לַאנְג דִיא
צִיצִת פוּן זֵיירֶע קְלֵיידֶער:
6 אוּנְד הָאבֶּען לִיבּ אוֹיבֶען אָן צוּ
זִיצֶען אוֹיף סְעוּדוֹת, אוּנְד צוּ שְׁטֵיין
אוֹיבֶען אָן אִין דִיא שׁוּלֶען:
7 אוּנְד אַז מֶען זָאל זֵייא גְרִיסֶען אִין
דִיא גַאסֶען, אוּנְד דָאס דִיא לֵייט זָאלֶען
זֵייא רוּפֶען רַבִּי, רַבִּי:
8 אָבֶער וֶוערְט אִיהְר נִיט גֶערוּפֶען
רַבִּי, וָוארִין אֵיינֶער אִיז אֵייעֶר לֶעהְרֶער,
דֶער מָשִׁיחַ; אוּנְד אִיהְר אַלֶע זֶענְט
בְּרִידֶער:
9 אוּנְד אִיהְר זָאלְט קֵיינֶעם נִיט רוּפֶען
אֵייעֶר פָאטֶער אוֹיף דֶער עֶרְד, וָוארִין
אֵיינֶער אִיז אֵייעֶר פָאטֶער, וָואס אִיז
אִים הִימֶעל:
10 אוּנְד וֶוערְט אִיהְר אוֹיךְ נִיט גֶע־
רוּפֶען לֶעהְרֶערְס, וָוארִין אֵיינֶער אִיז
אֵייעֶר לֶעהְרֶער, דֶער מָשִׁיחַ:
11 אָבֶער דֶער גְרֶעסְטֶער צְווִישֶׁען אֵייךְ
זָאל אֵייעֶר בֶּעדִינְטֶער זֵיין:
12 אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ זֶעלְבְּסְט
דֶערְהֵייבֶען, דֶער וֶועט דֶערְנִידֶערִיגְט
וֶוערֶען, אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ דֶער־
נִידְרִיגֶען דֶער וֶועט דֶערְהֵייבְט וֶוערֶען:
13 וֵויא צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים,
אִיהְר הֵייכְלֶערְס, וָוארִין אִיהְר פֶער־
שְׁלִיסְט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל פַאר
דִיא מֶענְשֶׁען, וָוארִין אִיהְר זֶעלְבְּסְט
קוּמְט נִיט אַרֵיין אוּנְד דִיא וָואס ווִילֶען
אַרֵיינְגֵיין לָאזְט אִיהְר אוֹיךְ נִיט אַרֵיינְ־
קוּמֶען:
14 וֵויא צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים,
אִיהְר הֵייכְלֶערְס, וָוארִין אִיהְר שְׁלִינְגְט
אֵיין דִיא הֵייזֶער פוּן אַלְמָנוֹת, אוּנְד
פַאר אֵיין אוֹיסְרֵייד זֵייט אִיהְר לַאנְג
מִתְפַּלֵל. דָארוּם וֶועט אִיהְר מֶעהְר
גֶעמִשְׁפָּט וֶוערֶען:
15 וֵויא צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים,
אִיהְר הֵייכְלֶערְס, וָוארִין אִיהְר פָארְט
אַרוּם אִיבֶּער דֶעם יַם, אוּנְד דִיא יַבָּשָׁה
דָאס אִיהְר זָאלְט מַאכֶען אֵיין גֵר, אוּנְד
וֶוען עֶר אִיז דָאס גֶעוָוארֶען, אַזוֹי מַאכְט
אִיהְר אִיהְם פַאר אֵיין בֶּן־גֵיהִנָם נָאךְ
צְוֵוייא מָאל עֶרְגֶער ווִיא אִיהְר זֶענְט:
16 וֵויא צוּ אֵייךְ, בְּלִינְדֶע פִיהְרֶערְס,
וָואס אִיהְר זָאגְט, וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט
בֵּייא דֶעם בֵּית־הַמִקְדָשׁ דָאס אִיז גָאר
נִיט, אָבֶער וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט בֵּיים גָאלְד
פוּן בֵּית־הַמִקְדָשׁ דֶער פֶערְשׁוּלְדִיגְט:
17 אִיהְר נַארֶען אוּנְד בְּלִינְדֶע, וֶועלְבֶעס
אִיז גְרֶעסֶער דָאס גָאלְד, אָדֶער דָאס
בֵּית הַמִקְדָשׁ וָואס הֵיילִיגְט דָאס גָאלְד?
18 אוּנְד ווִידֶער, וֶוער דָא שְׁוֶוערְט בֵּיים
מִזְבֵּחַ, דָאס אִיז גָאר נִיט, אָבֶער וֶוער עֶס

שְׁוֶוערט בֵּיים קָרְבָּן וָואס אִיז דְרוֹיף, דֶער
פֶערשׁוּלְדִיגְט :
19 אִיהְר נַארֶען אוּנְד בְּלִינְדֶע, וֶועלְכֶעס
אִיז גְרֶעסֶער דָאס קָרְבָּן, אָדֶער דֶער
מִזְבֵּחַ וָואס הֵיילִיגְט דָאס קָרְבָּן ?
20 דְרוּם דֶער וָואס שְׁוֶוערְט בֵּיים
מִזְבֵּחַ, דֶער שְׁוֶוערְט דֶערבֵּייא, אוּנְד
בֵּייא אַלֶעס וָואס אִיז דְרוֹיף :
21 אוּנְד וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט בֵּיים בֵּית
הַמִקְדָשׁ, דֶער שְׁוֶוערְט דֶערבֵּייא, אוּנְד
בֵּייא אִיהְם וָואס וְואוֹינְט דְרִינֶען :
22 אוּנְד וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט בֵּיים
הִימֶעל, דֶער שְׁוֶוערְט בֵּייא דֶעם שְׁטוּהְל
פוּן גָאט, אוּנְד בֵּייא דֶעם וָואס זִיצְט
דְרוֹיף :
23 וֶוייא צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּנְד
פְּרוּשִׁים, אִיהְר הֵייכְלֶערְס ! וָוארִין אִיהְר
גִיבְּט מַעֲשֵׂר פוּן מִינְט אוּנְד עֶנִים
אוּנְד קִימֶעל, אוּנְד פֶערלָאזְט דִיא
שְׁוֶוערֶע זַאכֶען פוּן דֶער תּוֹרָה, דָאס
גֶערִיכְט, דִיא בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּנְד
דֶעם גְלוֹיבֶּען, דִיזֶע זַאכֶען קֶעהְרט אִיהְר
צוּ טְהוּן, אוּנְד יֶענֶע אוֹיךְ נִיט צוּ
פֶערְלָאזֶען :
24 אִיהְר בְּלִינְדֶע פִיהְרֶערְס, אִיהְר
דֶערוֶוערְגְט אֵייךְ מִיט אַ פְלִיג אוּנְד
שְׁלִינְגְט אַרוֹפּ אֵיין קֶעמֶעל :
25 וֶוייא צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּנְד
פְּרוּשִׁים, אִיהְר הֵייכְלֶערְס, וָוארִין אִיהְר
רֵיינִיגְט דֶעם בֶּעכֶער אוּנְד דִיא שִׁיסֶעל
פוּן אוֹיסוֶוייניג, אוּנְד אִינְוֶוייניג זֶענֶען
זֵייא פוּל מִיט רוֹיב אוּנְד אוּנְרֶעכְט :
26 דוּא בְּלִינְדֶער פָּרוּשׁ, רֵיינִיג צוּם
עֶרְשְׁטֶען דֶעם בֶּעכֶער אוּנְד דִיא שִׁיסֶעל
פוּן אִינְוֶוייניג, דָאס זֵייא זָאלֶען אוֹיךְ
רֵיין זַיין פוּן אוֹיסוֶוייניג :
27 וֶוייא צוּ אֵייךְ פְּרוּשִׁים אוּנְד
סוֹפְרִים, אִיהְר הֵייכְלֶערְס, וָוארִין אִיהְר
זֵייט גְלֵייךְ צוּ אִיבֶּערְגֶעוֶוייסְטֶע קְבָרִים
וָואס זֶעהֶען שֵׁיין אוֹיס פוּן דְרוֹיסֶען,
אָבֶּער אִינְוֶוייניג זֶענֶען זֵייא פוּל מִיט
טוֹיטֶע בֵּיינֶער, אוּנְד יֶעדֶע אוּנְרֵיינִיגְקֵייט :
28 אַזוֹי זֵייט אִיהְר אוֹיךְ, פוּן דְרוֹיסֶען
שֵׁיינְט אִיהְר צוּ דִיא מֶענְשֶׁען פְּרוּם,
אָבֶּער אִינְוֶוייניג זֶענְט אִיהְר פוּל מִיט
חֲנִיפָה אוּנְד אוּנְרֶעכְט :
29 וֶוייא צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּנְד
פְּרוּשִׁים, אִיהְר הֵייכְלֶערְס, וָוארִין אִיהְר
בּוֹיעֶט אוֹיף דִיא קְבָרִים פוּן דִיא
נְבִיאִים, אוּנְד פֶערְצִירְט דִיא מַצֵבוֹת
פוּן דִיא צַדִיקִים :
30 אוּנְד אִיהְר זָאגְט, וֶוען מִיר הֶעטֶען
גֶעוֶועזֶען אִין דִיא צֵייטֶען פוּן אוּנְזֶערֶע
פֶעטֶער, אַזוֹי הֶעטֶען מִיר נִיט מִיט
זֵייא קֵיין טֵייל גֶעהַאט אָן דֶעם בְּלוּט
פוּן דִיא נְבִיאִים :
31 אַזוֹי זֶענְט אִיהְר צוּ אֵייךְ זֶעלבּסְט
עֵדוּת, דָאס אִיהְר זֶענְט דִיא קִינְדֶער
פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען דִיא נְבִיאִים
אוּמְגֶעבְּרַאכְט :
32 אוּנְד אִיהְר דֶערְפִילְט דָאס מָאס
פוּן אֵיירֶע פֶעטֶער :
33 אִיהְר שְׁלַאנְגֶען, דָאס גֶעשְׁלֶעכְט
פוּן שְׁלַאנְגֶען, וִויא אַזוֹי וֶועט אִיהְר
פֶערְמֵיידֶען דָאס מִשְׁפָּט פוּן גֵיהִינָם ?
34 דְרוּם זֶעהְט, אִיךְ שִׁיק צוּ אֵייךְ
נְבִיאִים, אוּנְד חֲכָמִים, אוּנְד סוֹפְרִים,
אוּנְד אִיהְר וֶועט אֵיינִיגֶע פוּן זֵייא
אוּמְבְּרֶענְגֶען אוּנְד קְרֵייצִיגֶען ; אוּנְד
אֵיינִיגֶע וֶועט אִיהְר שְׁלָאגֶען מִיט רִיטֶער
אִין אֵיירֶע שׁוּלֶען, אוּנְד וֶועט זֵייא
יָאגֶען פוּן אֵיין שְׁטָאט צוּ דִיא אַנְדֶערֶע :
35 דָאס עֶס זָאל אוֹיף אֵייךְ פַאלֶען
אַלֶעס אוּנְשׁוּלְדִיגֶע בְּלוּט וָואס אִיז


פערגאסען

פֶערגָאסֶען גֶעוָוארֶען אויף דֶער עֶרְד, פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן הֶבֶל הַצַדִיק בִּיז צוּם בְּלוּט פוּן זְכַרְיָה בֶּן בֶּרֶכְיָה, וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט אוּמְגֶעבְּרַאכְט צְוִוישֶׁען דֶעם הֵיכָל אוּנְד מִזְבֵּחַ:

36 פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ, דָאס אַלֶעס וֶועט קוּמֶען אִיבֶּער דִיזֶען גֶעשְׁלֶעכְט:

37 יְרוּשָׁלַיִם! יְרוּשָׁלַיִם! וָואס הָאסְט אוּמְגֶעבְּרַאכְט דִיא נְבִיאִים, אוּנְד הָאסְט גֶעשְׁטֵיינִיגְט דִיא וָואס וַוארֶען גֶעשִׁיקְט צוּ דִיר, וִויא פִיל מָאל הָאב אִיךְ גֶעוָואלְט דֵיינֶע קִינְדָער אֵיינְזַאמְלֶען וִויא אַ הִין זַאמֶעלְט אֵיין אִיהְרֶע יוּנְגֶע הִינְלֶעךְ אוּנְטֶער אִיהְרֶע פְלִיגֶעל, אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט גֶעוָואלְט:

38 נוּן וֶוערְט אֵייךְ אֵייעֶר הויז וִויסְט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט:

39 וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, פוּן יֶעצְט אָן וֶועט אִיהְר מִיךְ נִיט זֶעהֶען בִּיז אִיהְר וֶועט זָאגֶען, גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער, וָואס קוּמְט אִים נָאמֶען פוּן הַאר גָאט:

קאפיטעל כד

1 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַרויסגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז פוּן בֵּית הַמִקְדָשׁ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּם אִיהְם צוּ וַוייזֶען דָאס גֶעבֵּייד פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ:

2 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֶעהְט אִיהְר נִיט דָאס אַלֶעס? פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס וֶועט הִיר נִיט אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען אֵיין שְׁטֵיין אויף דֶעם אַנְדֶערְן, וָואס וֶועט נִיט צוּוָוארְפֶען וֶוערֶען:

3 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אויף דֶעם הַר־הַזֵיתִים, אַזוֹי זֶענֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען בֵּייא זִיךְ

וֶועלְבְּסְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זָאג אוּנְס וֶוען דִיזֶע זַאכֶען וֶועלֶען גֶעשֶׁעהֶן, אוּנְד וָואס אִיז דָאס צֵייכֶען פוּן דִיין קוּמֶען, אוּנְד פוּן דֶעם עֶנְד פוּן דֶער וֶועלְט?

4 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֶעהְט דָאס קֵיינֶער זָאל אֵייךְ נִיט פַארְפִיהְרֶען:

5 וָוארִין פִילֶע וֶועלֶען קוּמֶען אִין מֵיין נָאמֶען, אוּנְד וֶועלֶען זָאגֶען אִיךְ בִּין דֶער מָשִׁיחַ, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען פִילֶע פֶערפִיהְרֶען:

6 אוּנְד אִיהְר וֶועט הֶערֶען פוּן מִלְחָמוֹת, אוּנְד גֶעשְׁרֵייא פוּן מִלְחָמוֹת, זֶעהְט דָאס אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט דֶערְשְׁרֶעקֶען. וָוארִין דִיזֶעס אַלֶעס מוּס גֶעשֶׁעהֶען, אָבֶּער דֶער סוֹף אִיז נָאךְ נִיט יֶעצְט דָא:

7 וָוארִין אֵיין פָאלְק וֶועט אויפְשְׁטֵיין קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערֶען פָאלְק אוּנְד אֵיין קֶענִיגְרֵייךְ קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערֶען קֶענִיגְרֵייךְ. אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין הוּנְגֶערְסְנוֹיט אוּנְד פֶּעסְטִילֶענְץ, אוּנְד עֶרְדְצִיטֶערְנִיס אִין פֶערְשִׁידֶענֶע עֶרְטֶער:

8 דָאס אַלֶעס אִיז דֶער אָנְפַאנְג פוּן דִיא צָרוֹת:

9 דֶערְנָאךְ וֶועלֶען זֵייא אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען גֶעפֵּיינִיגְט צוּ וֶוערֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ אוּמְבְּרֶענְגֶען אוּנְד אִיהְר וֶועט גֶעהַאסְט וֶוערֶען בֵּייא אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן וֶועגֶען מֵיין נָאמֶען:

10 אוּנְד דֶענְסְמָאל וֶועלֶען זִיךְ פִילֶע אָנְשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד וֶועלֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערֶען, אוּנְד אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען הַאסֶען:

11 אוּנְד עֶס וֶועלֶען אויפְשְׁטֵיין פִילֶע פַאלְשֶׁע נְבִיאִים, אוּנְד וֶועלֶען פִילֶע פֶערְפִיהְרֶען:

12 אוּנְד וֵויל דָאס אוּמְרֶעכְט וֶועט זִיךְ פֶערְמֶעהְרֶען, אַזוֹי וֶועט דִיא לִיבּשַׁאפְט פוּן פִילֶע קַאלְט וֶוערֶען׃

13 אָבֶּער דֶער וָואס הַאלְט אוֹיס בִּיז צוּם סוֹף, דֶער וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען׃

14 אוּנְד דִיזֶעס עֶוַואנְגֶעלִיוּם פוּן דֶעם קֶענִיגְרַייךְ וֶועט גֶעפְּרֶעדִיגְט וֶוערֶען אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, פַאר אֵיין צֵייגְנִיס צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶועט דֶער סוֹף קוּמֶען׃

15 דְרוּם וֶוען אִיהְר וֶועט זֶעהֶען דִיא גְרֵייעֶל פוּן דֶער פֶערְוִויסְטוּנְג, וָואס אִיז גֶעזָאגְט פוּן דָנִיאֵל הַנָבִיא דָאס עֶס שְׁטֵייט אִים הֵיילִיגֶען אָרְט (דֶער וָואס לֵיינְט לָאז עֶר עֶס פֶערְשְׁטֵיין)׃

16 אַזוֹי לָאזֶען דִיא וָואס זֶענֶען אִין יְהוּדָה עֶנְטְלוֹיפֶען צוּ דִיא בֶּערְג׃

17 אוּנְד דֶער וָואס אִיז אוֹיף דֶעם דַאךְ לָאז עֶר נִיט אַרוּנְטֶער גֵיין אוּם עֶפֶּעס פוּן דֶעם הוֹיז צוּ נֶעמֶען׃

18 אוּנְד דֶער וָואס אִיז אִים פֶעלְד, לָאז עֶר זִיךְ נִיט צוּרִיק אוּמְקֶעהְרֶען אוּם זֵיינֶע קְלֵיידֶער צוּ נֶעמֶען׃

19 אוּנְד וֵויא צוּ דִיא וָואס זֶענֶען מְעוּבֶּרֶת, אוּנְד דִיא וָואס גֶעבֶּען צוּ זֵייגֶען, אִין דִיזֶע צֵייטֶען׃

20 אָבֶּער אִיהְר זָאלְט בֶּעטֶען דָאס אֵייעֶר עֶנְטְלוֹיפֶען זָאל נִיט זֵיין אִים וִוינְטֶער, אָדֶער אִים שַׁבָּת׃

21 וָוארִין דֶענְסְמָאל וֶועט זֵיין אַ גְרוֹיסֶע צָרָה, אַזֶעלְכֶע וָואס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען פוּן אָנְפַאנְג דֶער וֶועלְט בִּיז אַצוּנְד, אוּנְד וֶועט אוֹיךְ נִיט מֶעהְר זֵיין׃

22 אוּנְד וֶוען דִיזֶע טֶעג זָאלֶען נִיט פֶערְקִירְצֶערְט וֶוערֶען, אַזוֹי הֶעט קֵיין מֶענְשׁ נִיט גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען, אָבֶּער פוּן וֶועגֶען דִיא אוֹיסדֶערְוֵוילְטֶען וֶועלֶען דִיא טֶעג פֶערְקִירְצְט וֶוערֶען׃

23 דֶענְסְמָאל וֶוען אֵיינֶער וֶועט צוּ אֵייךְ זָאגֶען, זֶעהְט, הִיר אִיז דֶער מָשִׁיחַ אָדֶער דָא אִיז עֶר, אַזוֹי גְלוֹיבְּט נִיט׃

24 וָוארִין עֶס וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין פַאלְשֶׁע מְשִׁיחִים אוּנְד פַאלְשֶׁע נְבִיאִים, וֶוען עֶס זָאל מֶעגְלִיךְ זֵיין דָאס זֵייא זָאלֶען פֶערְפִיהְרֶען דִיא גַאנְץ אוֹיסדֶערְוֵוילְטֶע׃

25 זֶעהְט, אִיךְ הָאבּ אֵייךְ דָאס פְרִיהֶער אָנְגֶעזָאגְט

26 דְרוּם וֶוען זֵייא וֶועלֶען צוּ אֵייךְ זָאגֶען, זֶעהְט, עֶר אִיז אִין דֶער מִדְבָּר, אַזוֹי גֵייט נִיט אַרוֹיס. זֶעהְט, עֶר אִיז אִין דִיא קַאמֶערְן, אַזוֹי גְלוֹיבְּט נִיט׃

27 וָוארִין אַזוֹי וִויא אֵיין בְּלִיץ גֵייט אוֹיס פוּן מִזְרַח אוּנְד שֵׁיינְט בִּיז צוּ מַעֲרָב־זֵייט, אַזוֹי וֶועט אוֹיךְ זֵיין דָאס קוּמֶען פוּן דֶעם בֶּן־אָדָם׃

28 וָוארִין וְואוּ דִיא נְבֵלָה אִיז דָארְטֶען וֶועלֶען זִיךְ דִיא אָדְלֶערְס אֵיינְזַאמְלֶען׃

29 אוּנְד בַּאלְד נָאךְ דֶער צָרָה פוּן דִיזֶער צֵייט אַזוֹי וֶועט דִיא זוּן פִינְסְטֶער וֶוערֶען, אוּנְד דִיא לְבָנָה וֶועט נִיט גֶעבֶּען אִיהְר לִיכְט, אוּנְד דִיא שְׁטֶערֶען וֶועלֶען פוּן הִימֶעל אַרוּפְפַאלֶען, אוּנְד דִיא מֶעכְטֶע פוּן הִימֶעל וֶועלֶען זִיךְ בֶּעוֶועגֶען׃

30 אוּנְד דֶענְסְמָאל וֶועט זִיךְ בֶּעוֵוייזֶען דָאס צֵייכֶען פוּן דֶעם בֶּן־אָדָם, אוּנְד דֶענְסְמָאל וֶועלֶען אַלֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דֶער עֶרְד טְרוֹיעֶרְן, אוּנְד וֶועלֶען זֶעהֶען דֶעם בֶּן־אָדָם קוּמֶען אִין דִיא וָאלְקֶענְס פוּן הִימֶעל מִיט מַאכְט אוּנְד גְרוֹיסֶער הֶערְלִיכְקֵייט׃

31 אוּנְד עֶר וֶועט אַרוֹיסשִׁיקֶען זֵיינֶע מַלְאָכִים מִיט אֵיין גְרוֹיס קוֹל אוּנְד אַ

שׁוֹפָר, אוּנְד זַייא װֶעלֶען אַיינְזַאמְלֶען זַיינֶע אויסדֶערְװֶוײלְטֶע פוּן דִיא פִיר װִינְדֶען, פוּן אֵיין עֶק הִימֶעל בִּיז צוּם אַנְדֶערֶען :

32 לֶערְנְט אַ מָשָׁל פוּן דֶעם פַייגֶענְ־בּוֹים, װֶוען זַיינֶע צְװַוייג אִיז נָאךְ פְרִישׁ, אוּנְד בְּרֶענְגְט אַרוֹיס בְּלֶעטֶער, אַזוֹי װַייסְט אִיהְר דָאס דֶער זָאמֶער אִיז נָאהֶענְט :

33 אַזוֹי אוֹיךְ אִיהְר, װֶוען אִיהְר װֶועט דָאס אַלֶעס זֶעהֶען, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר װִיסֶען אַז עֶס אִיז נָאהֶענְט בֵּייא דֶער טְהִיר :

34 פַארְװָאהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ, דִיזֶעס גֶעשְׁלֶעכְט װֶועט נִיט פֶערְבֵּייא גֵיין, בִּיז דָאס אַלֶעס װֶועט גֶעשֶׁעהֶען :

35 הִימֶעל אוּנְד עֶרְד װֶעלֶען פֶערְגֵיין, אָבֶּער מֵיינֶע רֵייד װֶעלֶען נִיט פֶערְגֵיין :

36 אָבֶּער פוּן דֶעם טָאג אוּנְד דֶער שָׁעָה װֵייס קֵיינֶער נִיט, נִיט אַמָאל דִיא מַלְאָכִים פוּן הִימֶעל, נֵייעֶרְט מֵיין פָאטֶער אַלֵיין :

37 אוּנְד אַזוֹי װִיא עֶס אִיז גֶעװֶועזֶען אִין דֶער צֵייט פוּן נֹחַ, אַזוֹי װֶועט זַיין דָאס קוּמֶען פוּן דֶעם בֶּן־אָדָם :

38 װָארִין אַזוֹי װִיא אִין דִיא טֶעג װָאס זֶענֶען גֶעװֶועזֶען פָאר דֶעם מַבּוּל, זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעהֵיירַאטֶעט, אוּנְד זֶענֶען פֶערְהֵיירַאטֶעט גֶעװָארֶען בִּיז צוּ דֶעם טָאג װֶוען נֹחַ אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער תֵּיבָה :

39 אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעװְוּאוּסְט בִּיז דָאס מַבּוּל אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט זַייא אַלֶע אַװֶועקְגֶעטְרָאגֶען, אַזוֹי װֶועט אוֹיךְ זַיין דָאס קוּמֶען פוּן דֶעם בֶּן־אָדָם :

40 דֶענְסְמָאל װֶעלֶען צְװַוייא זַיין אוֹיף אֵיין פֶעלְד ; אֵיינֶער װֶועט אַװֶעקְגֶענוּמֶען װֶוערֶען, אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער װֶועט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט װֶוערֶען :

41 צְװַוייא װַייבֶּער װֶעלֶען מָאלֶען אִין אֵיין מִיל ; אֵיינֶע װֶועט אַװֶעקְגֶענוּמֶען װֶוערֶען, אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע װֶועט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט װֶוערֶען :

42 דְרוּם װַאכְט, װָארִין אִיהְר װַייסְט נִיט אִין װֶעלְכֶער שָׁעָה אֵייעֶר הַאר װֶועט קוּמֶען :

43 אוּנְד דָאס אִיהְר זָאלְט װִיסֶען, װֶוען דֶער בַּעַל־הַבַּיִת װָאלְט װִיסֶען אִין װֶעלְכֶער צֵייט פוּן דֶער נַאכְט דֶער גַנָב װֶועט קוּמֶען, אַזוֹי הֶעט עֶר גֶעװַאכְט, אוּנְד הֶעט נִיט גֶעלָאזְט זַיין הוֹיז אֵיינְבְּרֶעכֶען :

44 דְרוּם זַייט אִיהְר אוֹיךְ פָארְבֶּערֵייט, װָארִין דֶער בֶּן־אָדָם װֶועט קוּמֶען אִין אַ שָׁעָה, װֶוען אִיהְר װֶועט אֵייךְ נִיט רִיכְטֶען :

45 װֶער אִיז דֶען אֵיין גֶעטְרֵייעֶר אוּנְד קְלוּגֶער קְנֶעכְט װָאס זַיין הַאר הָאט אִיהְם גֶעזֶעצְט אִיבֶּער זַיין הוֹיזְגֶעזִינְד, דָאס עֶר זָאל זַייא גֶעבֶּען זַייעֶר שְׁפֵּייז צוּ דֶער צֵייט ?

46 װוֹאוֹיל אִיז דֶעם קְנֶעכְט, װָאס װֶוען זַיין הַאר, װֶוען עֶר קוּמְט, װֶועט אִיהְם גֶעפִינֶען אַזוֹי טְהוּן :

47 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, דָאס עֶר װֶועט אִיהְם זֶעצֶען אִיבֶּער זַיין גַאנְצֶען פֶערְמֶעגֶען :

48 אָבֶּער װֶוען דִיזֶער בֵּייזֶער קְנֶעכְט װֶועט זָאגֶען אִין זַיין הַארְץ, מֵיין הַאר זוֹימְט זִיךְ צוּ קוּמֶען :

49 אוּנְד עֶר װֶועט אָנְהֵייבֶּען דִיא אַנְדֶערֶע קְנֶעכְט צוּ שְׁלָאגֶען, אוּנְד

צוּ עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען מִיט דִיא שִׁכּוֹרִים׃

50 אַזוֹי וֶועט דֶער הַאר פוּן דִיזֶען קְנֶעכְט קוּמֶען אִין אֵיין טָאג וֶוען עֶר וֶועט זִיךְ נִיט רֶעכְטֶען, אוּנְד אִין אַ שָׁעָה וָואס עֶר וֵוייסְט נִיט׃

51 אוּנְד עֶר וֶועט אִיהְם צוּשְׁנֵיידֶען אִין שְׁטִיקֶער, אוּנְד וֶועט אִיהְם גֶעבֶּען זֵיין טֵייל צְוִוישֶׁען דִיא הֵייכְלֶערְס, דָארְט וֶועט זֵיין גֶעוֵויין אוּנְד צֵיינְקְלַאפֶּערֵייא׃

קאפיטעל כה

1 דֶענְסְמָאל וֶועט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן דֶעם הִימֶעל גֶעגְלֵייכְט זֵיין צוּ צֶעהְן יוּנְגְפְרוֹיעֶן, וָואס הָאבֶּען גֶענוּמֶען זֵייעֶרֶע לַאמְפֶּען, אוּנְד זֶענֶען דֶעם חָתָן עֶנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען׃

2 אוּנְד פִינְף פוּן זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען קְלוּג, אוּנְד פִינְף נַארִישׁ׃

3 דִיא נַארִישֶׁע הָאבֶּען גֶענוּמֶען זֵייעֶרֶע לַאמְפֶּען אוּנְד הָאבֶּען נִיט קֵיין אֵייל מִיטְגֶענוּמֶען׃

4 אָבֶּער דִיא קְלוּגֶע הָאבֶּען גֶענוּמֶען אֵייל אִין זֵייעֶרֶע כֵּלִים מִיט זֵייעֶרֶע לַאמְפֶּען׃

5 אוּנְד וֶוען דֶער חָתָן הָאט זִיךְ גֶעזוֹימְט, אַזוֹי זֶענֶען אַלֶע שְׁלֶעפְרִיג גֶעוָוארֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעשְׁלָאפֶען׃

6 אָבֶּער אִין מִיטֶען פוּן דֶער נַאכְט אִיז גֶעוָוארֶען אַ גֶעשְׁרֵייא, זֶעהְט, דֶער חָתָן קוּמְט! גֵייט אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען׃

7 אַזוֹי זֶענֶען אַלֶע דִיזֶע יוּנְגְפְרוֹיעֶן אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאבֶּען זֵייעֶרֶע לַאמְפֶּען צוּרֶעכְט גֶעמַאכְט׃

8 אוּנְד דִיא נַארִישֶׁע הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דִיא קְלוּגֶע, גִיט אוּנְס פוּן אֵייעֶר אֵייל, וָוארִין אוּנְזֶערֶע לַאמְפֶּען גֵיין אוֹיס׃

9 אוּנְד דִיא קְלוּגֶע הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאנְט, גֵיין, טָאמֶער וֶועט נִיט גֶענוּג זֵיין פַאר אוּנְס אוּנְד פַאר אֵייךְ, גֵייט בֶּעסֶער צוּ דִיא קְרֶעמֶערְס אוּנְד קוֹיפְט אֵייךְ׃

10 אוּנְד וִויא זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען קוֹיפֶען אַזוֹי אִיז דֶער חָתָן דֶערְוֵוייל גֶעקוּמֶען, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פָארְבֶּרֵייטֶעט, זֶענֶען מִיט אִיהְם אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער חַתוּנָה, אוּנְד דִיא טִיהֶער אִיז גֶעוֶועזֶען צוּגֶעשְׁלָאסֶען׃

11 דֶערְנָאךְ זֶענֶען דִיא אַנְדֶערֶע יוּנְגְפְרוֹיעֶן אוֹיךְ גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, הַאר, הַאר, עֶפֶען צוּ אוּנְס׃

12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אִיךְ קֶען אֵייךְ נִיט׃

13 דְרוּם וַואכְט, וָוארִין אִיהְר וֵוייסְט נִיט דֶעם טָאג אוּנְד דִיא שָׁעָה וֶוען דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט קוּמֶען׃

14 וָוארִין דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל אִיז אַזוֹי וִויא אֵיין מַאן וָואס אִיז אַוֶועקְגֶעפָארֶען, אוּנְד הָאט זֵיינֶע קְנֶעכְט גֶערוּפֶען אוּנְד הָאט זֵייא זֵיין פֶערְמֶעגֶען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען׃

15 אוּנְד עֶר הָאט אֵיינֶעם גֶעגֶעבֶּען פִינְף צֶענְטֶער זִילְבֶּער אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶען צְוֵוייא אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶען אֵיינְס; אִיטְלִיכֶען נָאךְ זֵיינֶע קְרַאפְט נָאךְ, אוּנְד אִיז בַּאלְד אַוֶועקְגֶעפָארֶען׃

16 אוּנְד דֶער וָואס הָאט בֶּעקוּמֶען דִיא פִינְף צֶענְטֶער זִילְבֶּער, אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט דֶערְמִיט גֶעהַאנְדֶעלְט, אוּנְד הָאט פֶערְדִינְט אַנְדֶערֶע פִינְף צֶענְטֶער׃

17 אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דֶער וָואס הָאט בֶּעקוּמֶען צְוֵוייא, הָאט אוֹיךְ פֶערְדִינְט אַנְדֶערֶע צְוֵוייא׃

18 אָבֶער דֶער וָואס הָאט בֶּעקוּמֶען
אֵיינְס, אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶער־
גְרָאבֶּען אִין דֶער עֶרְד, אוּנְד הָאט זֵיין
הַארְ'ס גֶעלְד בֶּעהַאלְטֶען ׃
19 אוּנְד נָאךְ אֵיין לַאנְגֶער צֵייט אִיז
דֶער הַאר פוּן דִיזֶע קְנֶעכְט צוּרִיק גֶע־
קוּמֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ מִיט זֵייא בֶּע־
רֶעכֶענְט ׃
20 אוּנְד דֶער וָואס הָאט בֶּעקוּמֶען
פִינְף צֶענְטֶער זִילְבֶּער אִיז גֶעקוּמֶען,
אוּנְד הָאט גֶעבְרַאכְט אַנְדֶערֶע פִינְף
צֶענְטֶער, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר,
דוּא הָאסְט מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען פִינְף
צֶענְטֶער זִילְבֶּער, זֶעה, אִיךְ הָאבּ מִיט
זֵייא פֶערְדִינְט נָאךְ פִינְף צֶענְטֶער ׃
21 אוּנְד זֵיין הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, זֶעהְר פֵיין דוּא גוּטֶער אוּנְד
גֶעטְרֵייעֶר קְנֶעכְט, דוּא בִּיסְט גֶעטְרֵייא
גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער וֵויינִיג, אַזוֹי וֶועל אִיךְ
דִיךְ מַאכֶען בֶּעפֶעהְלֶען אִיבֶּער פִילֶע
זַאכֶען; קוּם אַרֵיין צוּ דִיא פְרֵייד פוּן
דֵיין הַאר ׃
22 אוּנְד דֶער וָואס הָאט בֶּעקוּמֶען
צְוֵויא צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער, אִיז אוֹיךְ גֶע־
קוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, דוּא
הָאסְט מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צְוֵויא
צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער, זֶעה, אִיךְ הָאבּ מִיט
זֵייא פֶערְדִינְט אַנְדֶערֶע צְוֵויא צֶענְטְנֶער ׃
23 אוּנְד זֵיין הַאר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, זֶעהְר פֵיין, דוּא גוּטֶער אוּנְד
גֶעטְרֵייעֶר קְנֶעכְט, דוּא בִּיסְט גֶעטְרֵייא
גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער וֵויינִיג, אַזוֹי וֶועל אִיךְ
דִיךְ מַאכֶען בֶּעפֶעלֶען אִיבֶּער פִילֶע
זַאכֶען; קוּם אַרֵיין צוּ דִיא פְרֵייד פוּן
דֵיין הַאר ׃
24 אוּנְד דֶער וָואס הָאט בֶּעקוּמֶען
אֵיין צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער, אִיז גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, אִיךְ קֶען
דִיךְ דָאס דוּא בִּיסְט אֵיין הַארְטֶער
מֶענְשׁ, דוּא שְׁנֵיידְסְט וְואוּ דוּא הָאסְט
נִיט גֶעזֵייעֶט, אוּנְד זַאמֶעלְסְט אֵיין פוּן
וַואנֶען דוּא הָאסְט נִיט צוּשְׁטְרֵייט ׃
25 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעפָארְכְטֶען,
אוּנְד בִּין גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבּ דֵיין
צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער בֶּעהַאלְטֶען אִין דֶער
עֶרְד, נוּן הָאסְט דוּא דָאס דֵיינִיגֶע ׃
26 אוּנְד זֵיין הַאר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא
בֵּייזֶער אוּנְד פוֹילֶער קְנֶעכְט, דוּא הָאסְט
גֶעוואוּסְט דָאס אִיךְ שְׁנֵייד וְואוּ אִיךְ
הָאבּ נִיט גֶעזֵייעֶט, אוּנְד זַאמֶעל אֵיין
פוּן וַואנֶען אִיךְ הָאבּ נִיט צוּשְׁטְרֵייט ׃
27 דְרוּם הָאסְט דוּא גֶעזָאלְט מֵיין
גֶעלְד גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא וֶועקְסְלֶערְס, כְּדֵי
וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען זָאל אִיךְ אָפּ־
גֶענֶעמֶען דָאס מֵיינִיגֶע מִיט רְוָחִים ׃
28 דְרוּם גֶעמְט פוּן אִיהְם אַוֶועק דָאס
צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער, אוּנְד גִיט עֶס צוּ
דֶעם וָואס הָאט צֶעהְן צֶענְטְנֶער ׃
29 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט צוּ
דֶעם וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד עֶר
וֶועט נָאךְ אִיבְּרִיג הָאבֶּען, אָבֶּער דֶער
וָואס הָאט נִיט פוּן דֶעם וֶועט דָאס וָואס
עֶר הָאט אוֹיךְ אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען ׃
30 אוּנְד וַוארְפְט אַרוֹיס דֶעם אוּמְ־
נוּצִיגֶען קְנֶעכְט צוּ דֶער פִינְסְטֶערְנִיס
פוּן דְרוֹיסֶען, דָארְטֶען וֶועט זֵיין גֶעוֵויין
אוּנְד צֵיינְקְלַאפֶּערֵייא ׃
31 אוּנְד וֶוען דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט
קוּמֶען אִין זֵיינֶער הֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד
אַלֶע הֵיילִיגֶע מַלְאָכִים מִיט אִיהְם, אַזוֹי
וֶועט עֶר זִיצֶען אוֹיף זֵיין כִּסֵא־כָבוֹד ׃
32 אוּנְד אַלֶע פֶעלְקֶער וֶועלֶען פַאר
אִיהְם אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶוערֶען, אוּנְד עֶר

וָועט זֵייא פוּן אֵיינְאַנְדֶער שֵׁיידֶען אַזוֹי
וִויא אַ פֶּאסְטוּךְ שֵׁיידֶעט אָפּ דִיא שָׁאף
פוּן דִיא צִיגֶען :
33 אוּנְד עֶר וֶועט שְׁטֶעלֶען דִיא שָׁאף
צוּ זֵיינֶע רֶעכְטֶער הַאנְד, אוּנְד דִיא
צִיגֶען צוּ דֶער לִינְקֶער :
34 דֶערְנָאךְ וֶועט דֶער קֶענִיג זָאגֶען
צוּ דִיא אָן זֵיינֶע רֶעכְטֶער הַאנְד, קוּמְט
אִיהְר גֶעבֶּענְשְׁטֶע פוּן מֵיין פָאטֶער,
עֶרְבְּט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ וָואס אִיז אָנְגֶעגֶע־
בְּרֵייט פַאר אֵייךְ פוּן אָנְפַאנְג דֶער וֶועלְט :
35 וָוארִין אִיךְ וַואר הוּנְגֶערִיג אוּנְד
אִיהְר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען צוּ עֶסֶען ;
אִיךְ וַואר דָארְשְׁטִיג אוּנְד אִיהְר הָאט
מִיר גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען ; אִיךְ וַואר
אֵיין פְּרֶעמְדֶער אוּנְד אִיהְר הָאט מִיךְ
אַרֵיינְגֶענוּמֶען :
36 אִיךְ וַואר נַאקֶעט אוּנְד אִיהְר הָאט
מִיךְ גֶעקְלֵיידֶעט ; אִיךְ וַואר קְרַאנְק אוּנְד
אִיהְר הָאט מִיךְ מְבַקֵר חוֹלֶה גֶעוֶועזֶען ;
אִיךְ וַואר אִים גֶעפֶענְגְנִיס אוּנְד אִיהְר
זֶענְט צוּ מִיר גֶעקוּמֶען :
37 אַזוֹי וֶועלֶען דִיא צַדִיקִים צוּ אִיהְם
עֶנְטְפֶערֶען אוּנְד זָאגֶען, הַאר, וֶוען
הָאבֶּען מִיר דִיךְ גֶעזֶעהֶען הוּנְגֶערִיג,
אוּנְד הָאבֶּען דִיר גֶעגֶעבֶּען צוּ עֶסֶען ?
אָדֶער דָארְשְׁטִיג אוּנְד הָאבֶּען דִיר גֶעגֶע־
גֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען ?
38 אוּנְד וֶוען הָאבֶּען מִיר דִיךְ גֶע־
זֶעהֶען אַ פְּרֶעמְדֶער אוּנְד הָאבֶּען דִיךְ
אַרֵיינְגֶענוּמֶען ? אָדֶער נַאקֶעט אוּנְד
הָאבֶּען דִיךְ גֶעקְלֵיידֶעט ?
39 אוּנְד וֶוען הָאבֶּען מִיר דִיךְ גֶעזֶעהֶען
קְרַאנְק אָדֶער אִין גֶעפֶענְגְנִיס, אוּנְד
זֶענֶען צוּ דִיר גֶעקוּמֶען ?
40 אַזוֹי וֶועט דֶער קֶענִיג עֶנְטְפֶערֶען
אוּנְד וֶועט צוּ זֵייא זָאגֶען, פַארְוָואהְר
זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז דָאס וָואס אִיהְר הָאט
גֶעטְהוּן צוּ אֵיינֶעם פוּן דִיא קְלֵיינְסְטֶע
פוּן דִיזֶע מֵיינֶע בְּרִידֶער, אַזוֹי הָאט
אִיהְר עֶס צוּ מִיר גֶעטְהוּן :
41 דֶערְנָאךְ וֶועט עֶר אוֹיךְ זָאגֶען צוּ
דִיא אָן זֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד, גֵייט אַוֶועק
פוּן מִיר אִיהְר פֶערְפְלוּכְטֶע, צוּ דֶעם
אֵייבִּיגֶען פֵייעֶר, וָואס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט
פַאר דֶעם שָׂטָן אוּנְד זֵיינֶע מַלְאָכִים :
42 וָוארִין אִיךְ וַואר הוּנְגֶערִיג, אוּנְד
אִיהְר הָאט מִיר נִיט גֶעגֶעבֶּען צוּ עֶסֶען ;
אִיךְ וַואר דָארְשְׁטִיג, אוּנְד אִיהְר הָאט
מִיר נִיט גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען :
43 אִיךְ וַואר אַ פְּרֶעמְדֶער, אוּנְד אִיהְר
הָאט מִיךְ נִיט אַרֵיינְגֶענוּמֶען ; אִיךְ וַואר
נַאקֶעט, אוּנְד אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט
גֶעקְלֵיידֶעט ; אִיךְ וַואר קְרַאנְק אוּנְד
אִים גֶעפֶענְגְנִיס, אוּנְד אִיהְר הָאט מִיךְ
נִיט בֶּעזוּכְט :
44 אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא אוֹיךְ צוּ אִיהְם
עֶנְטְפֶערֶען אוּנְד זָאגֶען, הַאר וֶוען
הָאבֶּען מִיר דִיךְ גֶעזֶעהֶען הוּנְגֶערִיג,
אָדֶער דָארְשְׁטִיג, אָדֶער אַ פְּרֶעמְדֶער,
אָדֶער נַאקֶעט, אָדֶער קְרַאנְק, אָדֶער
אִים גֶעפֶענְגְנִיס, אוּנְד הָאבֶּען דִיךְ נִיט
בֶּעדִינְט ?
45 אַזוֹי וֶועט עֶר צוּ זֵייא עֶנְטְפֶערֶען
אוּנְד זָאגֶען, בֶּאֱמֶת אִיךְ זָאג אֵייךְ,
אַז דָאס וָואס אִיהְר הָאט נִיט גֶעטְהוּן צוּ
אֵיינֶעם פוּן דִיזֶע קְלֵיינְסְטֶע, אַזוֹי הָאט
אִיהְר עֶס נִיט צוּ מִיר גֶעטְהוּן :
46 אוּנְד דִיזֶע וֶועלֶען אַוֶועק גֵיין צוּר
אֵייבִּיגֶען שְׁטְרָאף, אוּנְד דִיא צַדִיקִים
צוּם אֵייבִּיגֶען לֶעבֶּען :

## קאפיטעל כו

1 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעעֶנְדִיגְט אַלֶע דִיזֶע רֵייד, אַזוֹי הָאט

עֶר גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים:
2 אִיהְר ווייסְט דָאס נָאךְ צְווייא טֶעג
וֶועט זַיין פֶּסַח, אוּנְד דֶער בֶּן־אָדָם
וֶועט אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט וֶוערֶען אַז עֶר
זָאל גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען:
3 דֶערְנָאךְ הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט
דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים, אוּנְד סוֹפְרִים, אוּנְד
דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק, צוּם
פַּאלַאסְט פוּן כֹּהֵן גָּדוֹל, וָואס הָאט
גֶעהֵייסֶען כַּיָּפָה:
4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיינֶע עֵצָה גֶע־
הַאלְטֶען, דָאס זֵייא זָאלֶען יֵשׁוּעַ נֶעמֶען
מִיט לִיסְט, אוּנְד זָאלֶען אִיהְם אוּמְ־
בְּרֶענְגֶען:
5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, נִיט אַם
יוֹם־טוֹב, דָאס עֶס זָאל נִיט זַיין קֵיין
גֶערַאוּשׁ אוּנְטֶער דֶעם פָאלְק:
6 אוּנְד יֵשׁוּעַ וַואר אִין בֵּית־עַנְיָה,
אִים הויז פוּן שִׁמְעוֹן דֶעם מְצוֹרָע:
7 אוּנְד אֵיינֶע פְרוֹי אִיז צוּ אִיהְם גֶע־
קוּמֶען וָואס הָאט גֶעהַאט אֵיין קְרִיגֶעל
מִיט טֵייעֶרְן אֵייל, אוּנְד זִיא הָאט דָאס
אויסְגֶעגָאסֶען אוֹיף זַיין קָאפּ וֶוען עֶר
אִיז גֶעזֶעסֶען בֵּיים טִישׁ:
8 ווִיא זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס
גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעצַארְ־
נֶערְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ וָואס
זָאל אַזָאלְכֶער שָׁאדֶען גֶעמַאכְט וֶוערֶען?
9 וָוארִין דִיזֶעס אֵייל הָאט גֶעקֶענְט
פֶערְקוֹיפְט וֶוערֶען פַאר פִיל גֶעלְט, אוּנְד
צוּ דִיא אָרֶעמֶע גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען:
10 ווִיא יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעווּאוּסְט,
אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם
זֶענְט אִיהְר דִיא פְרוֹי מְצַעֵר, זִיא הָאט
אֵיין גוּטֶעס וֶוערְק אָן מִיר גֶעטְהוּן:
11 וָוארִין דִיא אָרֶעמֶע הָאט אִיהְר
שְׁטֶענְדִיג מִיט אֵייךְ, אָבֶּער מִיךְ הָאט
אִיהְר נִיט שְׁטֶענְדִיג:
12 וָוארִין וֶוען זִיא הָאט דִיזֶעס אֵייל
אוֹיף מֵיין לֵייב אויסְגֶעגָאסֶען, אַזוֹי הָאט
זִיא דָאס גֶעטְהוּן פַאר מֵיינֶע קְבוּרָה:
13 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אִין דֶער
גַאנְצֶען וֶועלְט וְואוּ דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם
וֶועט גֶעפְּרֶעדִיגְט וֶוערֶען, דָא וֶועט מֶען
אוֹיךְ דֶערְצֵיילֶען וָואס זִיא הָאט צוּ מִיר
גֶעטְהוּן, צוּ אִיהְר אָנְדֶענְקֶען:
14 דֶערְנָאךְ אִיז אֵיינֶער פוּן דִיא
צְווֶעלְף, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען יְהוּדָה
אִישׁ קְרִיּוֹת, אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא
רָאשֵׁי כֹּהֲנִים:
15 אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וָואס ווִילְט
אִיהְר מִיר גֶעבֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם
צוּ אֵייךְ אִיבֶּערלִיפֶערֶען? אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ מִיט אִיהְם פֶערְגְלֵייכְט פַאר
דְרֵייסִיג שְׁטִיק זִילְבֶּער:
16 אוּנְד פוּן דֶענְסְטְמָאל אָן הָאט עֶר
אֵיינֶע גוּטֶע צֵייט אָפְּגֶעוַוארְט, דָאס עֶר
זָאל אִיהְם צוּ זֵייא אִיבֶּערלִיפֶערֶען:
17 אוּנְד אָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן
חַג הַמַּצּוֹת זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים גֶע־
קוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט וְואוּ ווִילְסְט דוּא דָאס מִיר
זָאלֶען דִיר פָארבְּרֵייטֶען דָאס קָרְבַּן פֶּסַח
צוּ עֶסֶען?
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֵייט אִין
דֶער שְׁטָאט אַרֵיין צוּ אֵיינֶעם אוּנְד
זָאגְט אִיהְם, דֶער רַבִּי לָאזְט דִיר זָאגֶען
מֵיינֶע צֵייט אִיז נָאהֶענְט, אִיךְ וֶועל
בֵּייא דִיר הַאלְטֶען דָאס קָרְבַּן פֶּסַח
מִיט מֵיינֶע תַּלְמִידִים:
19 אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען גֶעטְהוּן
אַזוֹי ווִיא יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעהֵייסֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָאס קָרְבַּן פֶּסַח פַארְטִיג
גֶעמַאכְט:



אונד

20 אוּנְד אוֹיף דֶעם אָבֶענְד הָאט עֶר
זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט מִיט דִיא צְוֶועלְף:
21 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען,
אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט, בְּאֱמֶת זָאג אִיךְ
אֵייךְ, דָאס אֵיינֶער פוּן אֵייךְ וֶועט מִיךְ
פֶערְרָאטֶען:
22 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ זֶעהְר בֶּעטְ־
רִיבְּט, אוּנְד יֶעדֶער פוּן זַייא הָאט אָנְ־
גֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען, הַאר, בִּין אִיךְ דָאס?
23 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, דֶער וָואס טוּנְקְט אַיין
זַיינֶע הַאנְד מִיט מִיר אִין דֶער שִׁיסֶעל,
דֶערזֶעלְבִּיגֶע וֶועט מִיךְ פֶערְרָאטֶען:
24 דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט גֵיין אַזוֹי וִויא
עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף אִיהְם אָבֶּער
וַוייא צוּ דֶעם מֶענְשֶׁען דוּרְךְ וֶועמֶען
דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט פֶערְרָאטֶען וֶוערֶען,
עֶס וֶוער גוּט פַאר דֶעם מֶענְשׁ וֶוען עֶר
הָעט נִיט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען:
25 אוּנְד יְהוּדָה, וָואס הָאט אִיהְם פֶערְ־
רָאטֶען, הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, רַבִּי, בִּין אִיךְ דָאס? אוּנְד
יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט
עֶס גֶעזָאגְט:
26 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען,
אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען דָאס בְּרוֹיט,
אוּנְד הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד
הָאט עֶס צֶערְבְּרָאכֶען, אוּנְד הָאט עֶס
גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט נֶעמְט אוּנְד עֶסְט, דָאס אִיז
מֵיין לֵייבּ:
27 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דֶעם כּוֹס
אוּנְד הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד
הָאט צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט טְרִינְקְט אַלֶע דֶערפוּן:
28 וָוארִין דָאס אִיז מֵיין בְּלוּט פוּן דֶעם
נַייעֶן טֶעסְטַאמֶענְט וָואס אִיז פֶערְגָאסֶען
פַאר פִילֶע צוּ דֶער פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן
זִינְדֶען:
29 אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ, דָאס אִיךְ
וֶועל פוּן אַצוּנְד אָן נִיט מֶעהְר טְרִינְקֶען
פוּן דִיזֶער פְרוּכְט פוּן דֶעם וויינְשְׁטָאק,
בִּיז אָן דֶעם טָאג וֶוען אִיךְ וֶועל עֶס
טְרִינְקֶען נֵייא אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
מֵיין פָאטֶער:
30 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען הַלֵּל גֶער־
זוּנְגֶען, אַזוֹי זֶענֶען זַייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
צוּם הַר הַזֵּיתִים:
31 דָא הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
אִיהְר אַלֶע וֶועט אֵייךְ דִיזֶע נַאכְט אָן
מִיר אָנְשְׁטוֹיסֶען, וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גֶע־
שְׁרִיבֶּען אִיךְ וֶועל שְׁלָאגֶען דֶעם פַּאסְטוּךְ
אוּנְד דִיא שָׁאף פוּן דֶער סְטַאדֶע וֶועלֶען
צֶערשְׁטְרֵייט וֶוערֶען:
32 אוּנְד נָאךְ דֶעם וֶוען אִיךְ וֶועל
ווידֶער אוֹיפְשְׁטֵיין, אַזוֹי וֶועל אִיךְ פַאר
אֵייךְ גֵיין אִין גָלִיל:
33 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען אַלֶע
זָאלֶען זִיךְ אָן דִיר אָנְשְׁטוֹיסֶען, אַזוֹי
וֶועל אִיךְ מִיךְ אָן דִיר קֵיינְמָאל נִיט
אָנְשְׁטוֹיסֶען:
34 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַאר־
וָואהְר זָאג אִיךְ דִיר, דָאס אִין דִיזֶער
נַאכְט, אֵיידֶער דֶער הָאן וֶועט קְרֵייעֶן
אַזוֹי וֶועסְט דוּא מִיךְ דְרֵייא מָאל פֶערְ־
לֵייקֶענֶען:
35 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, וֶוען אִיךְ זָאל מוּסֶען מִיט דִיר
שְׁטַארְבֶּען, וֶועל אִיךְ דִיךְ אוֹיךְ נִיט
פֶערלֵייקֶענֶען; אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען אוֹיךְ
אַלֶע הַתַּלְמִידִים גֶעזָאגְט:
36 דֶערְנָאךְ אִיז יֵשׁוּעַ מִיט זַייא גֶע־
קוּמֶען צוּ אֵיין אָרְט וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען

גַת־שְׁמָנִים; אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דִיא תַּלְמִידִים, זִיצְט אִיהְר דָא, בִּיז אִיךְ
וֶועל אַהִין גֵיין אוּנְד דָארְטְעֶן בֶּעטֶען:
37 אוּנְד עֶר הָאט מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען
פֶּעטְרוּס אוּנְד דִיא צְוֵויא זִיהְן פוּן זַבְדִי,
אוּנְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טְרוֹיעֶרֶען
אוּנְד בֶּעטְרִיבְּט צוּ זֵיין:
38 דָא הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
מֵיינֶע זֶעעֶלֶע אִיז זֵייעֶר טְרוֹירִיג אַפִּילוּ
בִּיז צוּ דֶעם טוֹיט, בְּלֵייבְּט הִיר אוּנְד
וַואכְט מִיט מִיר:
39 אוּנְד עֶר אִיז אַבִּיסֶעל וֵוייטֶער
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז אוֹיף זֵיין פָּנִים
גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין פָּאטֶער, וֶוען עֶס
אִיז מֶעגְלִיךְ, לָאז דִיזֶער כּוֹס פוּן מִיר
פֶערְבֵּייא גֵיין; אָבֶּער דָאךְ נִיט אַזוֹי וִויא
אִיךְ ווִיל, נֵייעֶרְט אַזוֹי וִויא דוּא ווִילְסְט:
40 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא
תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאט זֵייא גֶעפוּנֶען
שְׁלָאפֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
פֶּעטְרוּס, קֶענְט אִיהְר דֶען נִיט מִיט
מִיר וַואכֶען אֵיינֶע שָׁעָה?
41 וַואכְט אוּנְד בֶּעטֶעט דָאס אִיהְר
זָאלְט נִיט קוּמֶען צוּ אַ נִסָיוֹן, דֶער גֵייסְט
אִיז ווִילִיג אָבֶּער דָאס פְלֵייש אִיז שְׁוַואךְ:
42 אוּנְד עֶר אִיז ווִידֶער דָאס צְוֵוייטֶע
מָאל אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶע־
בֶּעטֶען, אוּנְד גֶעזָאגְט, מֵיין פָּאטֶער,
וֶוען דִיזֶער כּוֹס קֶען נִיט פוּן מִיר פֶער־
בֵּייא גֵיין בִּיז אִיךְ זָאל אִיהְם טְרִינְקֶען,
אַזוֹי לָאז דֵיין ווִילֶען גֶעטְהוּן וֶוערֶען:
43 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט
זֵייא ווִידֶער גֶעפוּנֶען שְׁלָאפֶען, וָוארִין
זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זֶענֶען שְׁוֶוער גֶעוֶועזֶען:
44 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פֶערְלָאזְט, אוּנְד
אִיז ווִידֶער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט
דָאס דְרִיטֶע מָאל גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד הָאט
דִיא זֶעלְבִּיגֶע רֵייד גֶעזָאגְט:
45 דֶערְנָאךְ אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ זֵיינֶע
תַּלְמִידִים אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
שְׁלָאפְט וֵוייטֶער אוּנְד רוּהְט אֵייךְ אָפּ,
זֶעהְט, דִיא שָׁעָה אִיז נָאהֶענְט אוּנְד
דֶער בֶּן־אָדָם אִיז פֶערְרָאטֶען גֶעוָוארֶען
אִין דִיא הֶענְד פוּן דִיא זִינְדֶער:
46 שְׁטֵייט אוֹיף, לָאסְט אוּנְס גֵיין,
זֶעהְט דֶער אִיז נָאהֶענְט וָואס טְהוּט
מִיךְ פֶערְרָאטֶען:
47 אוּנְד וֵויל עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט,
זֶעהְט, אַזוֹי אִיז יְהוּדָה, אֵיינֶער פוּן דִיא
צְוֶועלְף, גֶעקוּמֶען, אוּנְד מִיט אִיהְם אַ
גְרוֹיס פָאלְק, מִיט שְׁוֶוערְטֶען אוּנְד
שְׁטַאנְגֶען, פוּן דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד
עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק:
48 אוּנְד דֶער וָואס הָאט אִיהְם פֶערְ־
רָאטֶען הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אֵיין צֵייכֶען,
אוּנְד גֶעזָאגְט, דֶעם וָואס אִיךְ וֶועל
קִישֶׁען, דָאס אִיז עֶר, נֶעמְט אִיהְם:
49 אוּנְד עֶר אִיז בַּאלְד גֶעקוּמֶען צוּ
יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט שָׁלוֹם, רַבִּי,
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעקִישְׁט:
50 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פְרֵיינְד צוּ וָואס בִּיסְט דוּא. אַהֶער גֶע־
קוּמֶען? אַזוֹי זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען, אוּנְד
הָאבֶּען זֵייעֶרֶע הֶענְד גֶעלֵייגְט אוֹיף יֵשׁוּעַ,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען:
51 אוּנְד זֶעה, אֵיינֶער פוּן דִיא וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט יֵשׁוּעַ, הָאט דִיא
הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּנְד הָאט זֵיין
שְׁוֶוערְט אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד הָאט גֶע־
שְׁלָאגֶען דֶעם קְנֶעכְט פוּן דֶעם כֹּהֵן
גָדוֹל, אוּנְד הָאט אִיהְם דָאס אוֹיעֶר
אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען:
52 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,

שְׁטֶעק װִידֶער דֵיין שְׁװֶערְט צוּרִיק אִין
אִיהְר אָרְט אַרֵיין, װָארִין אַלֶע דִיא װָאס
גֶעמֶען אַ שְׁװֶערְט װֶעלֶען פֶערְלוֹירֶען
װֶערֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁװֶערְט:
53 מֵיינְסְט דוּא דָאס אִיךְ קֶען נִיט
אַצוּנְד מֵיין פָאטֶער בֶּעטֶען, אוּנְד עֶר
װֶעט מִיר גֶעבֶּען מֶעהְר װִיא צְװֶעלְף
מַחֲנוֹת פוּן מַלְאָכִים:
54 אָבֶּער װִיא אַזוֹי װֶעט דֶען דִיא
שְׁרִיפְט דֶערְפִילְט װֶערֶען? עֶס מוּז
אַזוֹי זַיין:
55 צוּ דִיזֶער שָׁעָה הָאט יֵשׁוּעַ גֶע־
זָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, זַייט אִיהְר אַרוֹיס־
גֶעקוּמֶען װִיא קֶעגֶען אַ רַייבֶּער, מִיט
שְׁװֶערְטֶען אוּנְד שְׁטַאנְגֶען, אוּם מִיךְ צוּ
נֶעמֶען? אִיךְ בִּין מִיט אַייךְ גֶעװֶעזֶען
טֶעגְלִיךְ, אוּנְד הָאבּ גֶעלֶעהְרְט אִין בֵּית
הַמִּקְדָּשׁ, אוּנְד אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט
גֶענוּמֶען:
56 אָבֶּער דָאס אִיז אַלֶעס גֶעשֶׁעהֶען,
כְּדֵי דִיא שְׁרִיפְטֶען פוּן דִיא נְבִיאִים
זָאלֶען דֶערְפִילְט װֶערֶען. דֶערְנָאךְ הָאבֶּען
אִיהְם אַלֶע תַּלְמִידִים פֶערְלָאזֶען אוּנְד
זֶענֶען אַװֶעקְגֶעלָאפֶען:
57 אוּנְד זַייא הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען
אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אַװֶעקְגֶעפִיהְרְט
צוּ כַּיָּפָא דֶעם כֹּהֵן הַגָּדוֹל, װְאוּ דִיא
סוֹפְרִים אוּנְד עֶלְצְטֶע זֶענֶען גֶעװֶעזֶען
פֶערְזַאמֶעלְט:
58 אוּנְד פֶּעטְרוּס אִיז אִיהְם פוּן
װַייטֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען, בִּיז צוּם פַּאלַאסְט
פוּן כֹּהֵן גָּדוֹל. אוּנְד עֶר אִיז אַרַיינְגֶע־
גַאנְגֶען אוּנְד אִיז גֶעזֶעסֶען מִיט דִיא
בֶּעדִינְטֶע, כְּדֵי עֶר זָאל זֶעהֶען דֶעם
סוֹף:
59 אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא
עֶלְצְטֶע, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע סַנְהֶדְרִין
הָאבֶּען גֶעזוּכְט פַאלְשֶׁע עֵדוּת אוֹיף
יֵשׁוּעַ, דָאס זַייא זָאלֶען אִיהְם אוּמְ־
בְּרֶענְגֶען:
60 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען,
אוּנְד הָאטְשֶׁע פִילֶע פַאלְשֶׁע עֵדוּת זֶענֶען
גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא דָאךְ אוֹיף
אִיהְם נִיט גֶעפוּנֶען. אוּנְד דֶערְנָאךְ זֶענֶען
גֶעקוּמֶען צְװֵייא פַאלְשֶׁע עֵדוּת:
61 אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר הָאט
גֶעזָאגְט אִיךְ קֶען דָאס בֵּית־הַמִּקְדָּשׁ
פוּן גָאט צֶערשְׁטֶערֶען, אוּנְד עֶס װִידֶער
אִין דְרֵייא טֶעג אוֹיפְבּוֹיעֶן:
62 אוּנְד דֶער כֹּהֵן הַגָּדוֹל אִיז אוֹיפְ־
גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
עֶנְטפֶערְסְט דוּא גָאר נִיט? װָאס אִיז
דָאס װָאס דִיזֶע זָאגֶען עֵדוּת קֶעגֶען דִיר?
63 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט שְׁטִיל גֶעשְׁװִיגֶען.
אוּנְד דֶער כֹּהֵן גָּדוֹל הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ
בֶּעשְׁװֶער דִיךְ בַּיים לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט,
דוּא זָאלְסְט אוּנְס זָאגֶען אוֹיבּ דוּא
בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ, דֶער זוּהְן פוּן
גָאט:
64 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דוּא הָאסְט עֶס גֶעזָאגְט. אָבֶּער אִיךְ זָאג
אַייךְ, פוּן יֶעצְט אָן װֶעט אִיהְר זֶעהֶען
דֶעם בֶּן־אָדָם זִיצֶען אָן דֶער רֶעכְטֶער
הַאנְד פוּן דֶער גְּבוּרָה, אוּנְד עֶר װֶעט
קוּמֶען אִין דִיא װָאלְקֶענְס פוּן הִימֶעל:
65 אַזוֹי הָאט דֶער כֹּהֵן הַגָּדוֹל זַיינֶע
קְלֵיידֶער צוּרִיסֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
עֶר הָאט גֶעלֶעסְטֶערְט, װָאס בֶּעדַארְפֶען
מִיר נָאךְ מֶעהְר עֵדוּת? זֶעהְט, יֶעצְט
הָאט אִיהְר גֶעהֶערְט זַיינֶע לֶעסְטֶערוּנְג:
66 װָאס דֶענְקְט אִיהְר? אוּנְד זַייא
הָאבֶּען גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאבֶּען גֶע־
זָאגְט עֶר הָאט פֶערשׁוּלְדִיגְט דֶעם טוֹיט:

67 דֶערְנָאךְ הָאבֶּען זֵייא אִיהְם אִין
פָּנִים גֶעשְׁפִּיגֶען אוּנְד עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען
אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דֶער פּויסְט,
אוּנְד מִיט דִיא הֶענְד:
68 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט זָאג
אוּנְס נְבוּאוֹת, דוּא מָשִׁיחַ, וֶוער דָאס
אִיז וָואס שְׁלָאגְט דִיךְ?
69 אוּנְד פֶּעטְרוּס אִיז גֶעזֶעסֶען דְרויסֶען
אִים פַּאלַאץ, אוּנְד אֵיין דִינְסטמֵיידֶעל
אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט גֶע־
זָאגְט, דוּא בִּיסְט אויךְ גֶעוֶועזֶען מִיט
יֵשׁוּעַ פוּן גָלִיל:
70 אוּנְד עֶר הָאט פַאר זֵייא אַלֶע
גֶעלֵייקֶענְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ
וֵויים נִיט וָואס דוּא זָאגְסְט:
71 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז צוּם טוֹיעֶר
אַרויסגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט אִיהְם אֵיינֶע
אַנְדֶערֶע גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶער
זָאגְט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען דָארְט גֶעוֶועזֶען,
דִיזֶער אִיז אויךְ גֶעוֶועזֶען מִיט יֵשׁוּעַ
הַנָצְרִי:
72 אוּנְד עֶר הָאט וִוידֶער גֶעלֵייקֶענְט
מִיט אֵיינֶע שְׁבוּעָה אִיךְ קֶען נִיט דֶעם
מַאן:
73 אוּנְד נָאךְ אִין אַ קְלֵיינֶע וֵוילֶע
זֶענֶען גֶעקוּמֶען דִיא וָואס זֶענֶען דֶער־
בֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט
צוּ פֶּעטְרוּס, פַּארוָואהְר דוּא בִּיסְט אויךְ
אֵיינֶער פוּן זֵייא, וָוארִין דֵיינֶע שְׁפְּרַאךְ
פֶערְרָאט דִיךְ:
74 אַזוֹי הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
פְלוּכֶען אוּנְד צוּ שְׁוֶוערֶען אִיךְ קֶען נִיט
דֶעם מַאן, אוּנְד אַזוֹי בַּאלְד הָאט דֶער
הָאן גֶעקְרֵייעֶט:
75 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט גֶעדֶענְקְט דָאס
וָוארְט פוּן יֵשׁוּעַ וִויא עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, אֵיידֶער דֶער הָאן וֶועט קְרֵייעֶן,
אַזוֹי וֶועסְט דוּא מִיךְ דְרֵייא מָאל
פֶערלֵייקֶענֶען, אוּנְד עֶר אִיז אַרויס
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט בִּיטֶערְלִיךְ גֶע־
וֵויינְט:

## קאפיטעל כּז

1 אוּנְד צוּ מָארְגֶען פְרִיה הָאבֶּען אַלֶע
רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם
פָאלְק אֵיינֶע עֵצָה גֶעהַאלְטֶען אִיבֶּער
יֵשׁוּעַ דָאס זֵייא זָאלֶען אִיהְם אוּמְ־
בְּרֶענְגֶען:
2 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבּוּנְדֶען,
אוּנְד אַוֶועקגֶעפִיהְרְט, אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען צוּ פִּילַאטוּס דֶעם
גוּבֶּערנַאטָאר:
3 וֶוען יְהוּדָה וָואס הָאט אִיהְם פֶּער־
רָאטֶען, הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס עֶר וַואר
פֶערשׁוּלְדִיגְט, הָאט עֶר חַרָטָה בֶּעקוּמֶען,
אוּנְד הָאט צוּרִיק גֶעבְּרַאכְט דִיא דְרֵייסִיג
שְׁטִיק זִילְבֶּער צוּ דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים
אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע:
4 אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶע־
זִינְדִיגְט, דָאס אִיךְ הָאבּ פֶערְרָאטֶען
אוּנְשׁוּלְדִיג בְּלוּט: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט וָואס הָאט דָאס צוּ אוּנְס? זֶעה
דוּא דֶערצוּ:
5 אוּנְד עֶר הָאט דָאס גֶעלְט אַרֵיינְ־
גֶעוָוארְפֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד אִיז
אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶע־
גַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעהָאנְגֶען:
6 אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים הָאבֶּען דָאס
זִילְבֶּער צוּגֶענוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶע־
זָאגְט, עֶס אִיז נִיט דֶערְלוֹיבְּט דָאס מֶען
זָאל דָאס אִין דֶעם אוֹצָר אַרֵיינְוַוארְפֶען,
וֵוייל עֶס אִיז דֶער לוֹין פוּן בְּלוּט:
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיינֶע עֵצָה גֶע־
הַאלְטֶען, אוּנְד הָאבֶּען דֶערפַאר גֶעקוֹיפְט
אֵיין פֶעלְד פוּן אֵיין טֶעפֶּער כְּדֵי

פְרֶעמְדֶע דְרִינֶען צוּ בֶּעגְרָאבֶּען:
8 דְרוּם וֶוערְט דָאס פֶעלְד אָנְגֶערוּפֶען
דָאס פֶעלְד פוּן בְלוּט בִּיז צוּם הַיינְטִיגֶען
טָאג:
9 דָא אִיז דֶערפִילְט גֶעוָוארֶען וָואס
אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ יִרְמְיָה
הַנָּבִיא, דֶער דָא זָאגְט אוּנְד זַייא
הָאבֶּען גֶענוּמֶען דִיא דְרֵייסִיג שְׁטִיק
זִילְבֶּער, דֶעם פְּרֵייז פוּן אִיהְם וָואס וַואר
גֶעשַׁאצְט, וֶועלְכֶען דִיא קִינְדֶער פוּן
יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעשַׁאצְט:
10 אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעגֶעבֶּען
פַאר דֶעם פֶּעלְד פוּן דֶעם טֶעפֶּער אַזוֹי
וִויא דֶער הַאר גָאט הָאט מִיר גֶע־
בָּאטֶען:
11 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר
דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר, אוּנְד דֶער גוּבֶּער־
נַאטָאר הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער קֶענִיג
פוּן דִיא יוּדֶען? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶע־
זָאגְט, דוּא זָאגְסְט דָאס:
12 אוּנְד וֶוען עֶר וַואר פֶערקְלָאגְט פוּן
דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע,
אַזוֹי הָאט עֶר גָאר נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט:
13 אַזוֹי הָאט פִּילָטוּס צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, הֶערְסְט דוּא נִיט וִויא פִיל זַאכֶען
זַייא זָאגֶען עֵדוּת קֶעגֶען דִיר:
14 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם נִיט גֶעעֶנְט־
פֶערְט אוֹיף אֵיין וָוארְט, אַזוֹי דָאס דֶער
גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט זִיךְ זֶעהְר פֶער־
וְואוּנְדֶערְט:
15 אוּנְד דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר פְלֶעגְט
אוֹיף דֶעם יוֹם טוֹב אֵיין גֶעפַאנְגֶענֶעם
פְרֵייא צוּ לָאזֶען צוּם פָאלְק, וֶועלְכֶען
זַייא הָאבֶּען גֶעוָואלְט:
16 אוּנְד זַייא הָאבֶּען דֶענְסְמָאל גֶעהַאט
אַ זֶעהְר בֶּעקַאנְטֶען גֶעפַאנְגֶענֶעם וָואס

הָאט גֶעהֵייסֶען בַּר־אַבָּא:
17 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְ־
זַאמֶעלְט, אַזוֹי הָאט פִּילָאטוּס צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, וֶועמֶען ווילְט אִיהְר דָאס אִיךְ
זָאל פְרֵייא לָאזֶען? בַּר־אַבָּא אָדֶער
יֵשׁוּעַ וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען מָשִׁיחַ?
18 וָוארִין עֶר הָאט גֶעווּאוּסְט, דָאס
זַייא הָאבֶּען אִיהְם אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט
פַאר קִנְאָה:
19 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף
דֶעם רִיכְטֶער שְׁטוּהְל, אַזוֹי הָאט זַיין
ווייבּ צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאט גֶע־
זָאגְט, הָאבּ דוּא גָאר נִיט צוּ טְהוּן מִיט
דֶעם צַדִּיק, וָוארִין אִיךְ הָאבּ הַיינְט
פִיל גֶעלִיטֶען אִין אַ חָלוֹם וֶועגֶען אִיהְם:
20 אָבֶּער דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד
דִיא עֶלְצְטֶע הָאבֶּען דָאס פָאלְק אִיבֶּער־
גֶערֶעט, דָאס זַייא זָאלֶען פֶערלַאנְגֶען
בַּר־אַבָּא, אוּנְד זָאלֶען יֵשׁוּעַ אוּמְ־
בְּרֶענְגֶען:
21 אוּנְד דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶע־
זָאגְט, וֶועלְכֶען פוּן דִיא צְוֵוייא ווילְט
אִיהְר אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ פְרֵייא לָאזֶען?
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, בַּר־אַבָּא:
22 אוּנְד פִּילָאטוּס הָאט צוּ זַייא גֶע־
זָאגְט, וָואס זָאל אִיךְ דֶען טְהוּן צוּ
יֵשׁוּעַ, וָואס וֶוערְט אָנְגֶערוּפֶען מָשִׁיחַ?
אוּנְד אַלֶע הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט
לָאז עֶר גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען:
23 אוּנְד דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט צוּ
זַייא גֶעזָאגְט, וָואס פַאר אֵיין בֵּייזֶעס
הָאט עֶר גֶעטְהוּן? אָבֶּער זַייא הָאבֶּען
נָאךְ מֶעהְר גֶעשְׁרִיעֶן, אוּנְד גֶעזָאגְט
לָאז עֶר גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען:
24 אוּנְד וִויא פִּילָאטוּס הָאט גֶעזֶעהֶען
דָאס עֶס הָאט נִיט גֶעקֶענְט הֶעלְפֶען,

אוּנְד

אוּנְד דָאס עֶס וַואר נָאךְ אַ גְרֶעסֶערֶער
גֶעטִימֶעל, אַזוֹי הָאט עֶר גֶענוּמֶען וַואסֶער,
אוּנְד הָאט זִיךְ דִיא הֶענְד אָפְּגֶעוַואשֶׁען
פַאר דֶעם פָאלְק, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט
אִיךְ בִּין רֵיין פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דִיזֶען
צַדִיק, זֶעהְט אִיהְר דֶערְצוּ:
25 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זֵיין
בְּלוּט זָאל זֵיין אוֹיף אוּנְס אוּנְד אוֹיף
אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער:
26 אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא פְרֵייא גֶעלָאזְט
בַּר־אַבָּא, אוּנְד הָאט גֶעלָאזְט יֵשׁוּעַ מִיט
רִיטֶער שְׁלָאגֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אַז עֶר זָאל גֶעקְרֵייצִיגְט
וֶוערֶען:
27 דֶערְנָאךְ הָאבֶּען דִיא זֶעלְנֶער פוּן
דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר גֶענוּמֶען יֵשׁוּעַ צוּם
גֶערִיכְטְהוֹיף, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע בַּאנְדֶע
הָאט זִיךְ אַרוּם אִיהְם אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט:
28 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעפְלָאכְטֶען אַ
קְרוֹין פוּן דֶערְנֶער אוּנְד הָאבֶּען עֶס
אוֹיף זֵיין קָאפּ אַרוֹיפְגֶעזֶעצְט, אוּנְד אַ
שְׁטֶעקֶען אִין זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד
הָאבֶּען זִיךְ פַאר אִיהְם אַנִידֶערְגֶעקְנִיעֶט,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפָּאט, אוּנְד
גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם, דוּא מֶלֶךְ פוּן דִיא
יוּדֶען:
29 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אָבְגֶע־
צוֹיגֶען דִיא קְלֵיידֶער אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
אָנְגֶעטְהוּן אַ רוֹיטֶען מַאנְטֶעל:
30 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם גֶע־
שְׁפִּיגֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶענוּמֶען דֶעם
שְׁטֶעקֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען
אִיבֶּער דֶעם קָאפּ:
31 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם
דֶעם מַאנְטֶעל אָפְּגֶעצוֹיגֶען אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם זֵיינֶע קְלֵיידֶער אָנְגֶעטְהוּן אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט גֶע־
קְרֵייצִיגְט צוּ וֶוערֶען:
32 אוּנְד וִויא זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען הָאבֶּען זֵייא גֶעטְרָאפֶען אַ מַאן
פוּן קוּרְנִי, אוּנְד זֵיין נָאמֶען וַואר שִׁמְעוֹן,
דֶעם הָאבֶּען זֵייא גֶעצְוִוינְגֶען דָאס עֶר
זָאל זֵיין קְרֵייץ טְרָאגֶען:
33 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ
אֵיין אָרְט וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען גָלְגָלְתָּא,
וָואס הֵייסְט אֵיין אָרְט פוּן אַ קָאפּ־
שֵׁייטֶעל:
34 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעגֶעבֶּען
צוּ טְרִינְקֶען עֶסִיג גֶעמִישְׁט מִיט גַאל,
אוּנְד וִויא עֶר הָאט דָאס פֶּערְזוּכְט הָאט
עֶר נִיט גֶעוָואלְט טְרִינְקֶען:
35 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעקְרֵיי־
צִיגְט, אוּנְד הָאבֶּען זֵיינֶע קְלֵיידֶער צוּ־
טֵיילְט אוּנְד הָאבֶּען דַארוֹיף גוֹרָל גֶע־
וָוארְפֶען, כְּדֵי עֶס זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען
וָואס עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ
דֶעם נָבִיא, זֵייא הָאבֶּען מֵיינֶע קְלֵיידֶער
צְוִוישֶׁען זִיךְ צוּטֵיילְט, אוּנְד אוֹיף מֵיין
מַאנְטֶעל הָאבֶּען זֵייא גוֹרָל גֶעוָוארְפֶען:
36 אוּנְד זֵייא זֶענֶען דָארְטֶען גֶעזֶעסֶען
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעהִיט:
37 אוּנְד אִיבֶּער זֵיין קָאפּ הָאבֶּען זֵייא
אוֹיפְגֶעזֶעצְט אֵיינֶע אִיבֶּערְשְׁרִיפְט פוּן
זֵיינֶע פֶּערְשׁוּלְדִיגוּנְג, **דָאס אִיז יֵשׁוּעַ**
**דֶער מֶלֶךְ פוּן דִיא יוּדֶען:**
38 דֶערְנָאךְ וַוארֶען צְוֵוייא רֵייבֶּערְס
מִיט אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט, אֵיינֶער צוּ דֶער
רֶעכְטֶער הַאנְד, אוּנְד אֵיינֶער צוּ דֶער
לִינְקֶען:
39 אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען פֶּערְבֵּייא
גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶעלֶעסְטֶערְט,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט דֶעם קָאפּ:

40 אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דוּא וָואס
צוּבְּרֶעכְּסְט דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּנְד
בּוֹיעֶסְט עֶס אוֹיף אִין דְרַייא טֶעג, רֶעטֶע
דִיךְ זֶעלְבְּסְט. וֶוען דוּא בִּיסְט דֶער זוּהְן
פוּן גָאט קוּם אַרוּפּ פוּן דֶעם קְרֵייץ׃
41 אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא
סוֹפְרִים אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע הָאבֶּען אִיהְם
אוֹיךְ אַזוֹי אוֹיסגֶעשְׁפֶּעט, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט׃
42 עֶר הָאט אַנְדֶערֶע גֶעהָאלְפֶען אוּנְד
זִיךְ אַלֵיין קֶען עֶר נִיט הֶעלְפֶען. וֶוען
עֶר אִיז דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי
זָאל עֶר יֶעצְט אַרוּפּקוּמֶען פוּן דֶעם
קְרֵייץ אוּנְד מִיר וֶועלֶען אִיהְם גְלוֹיבֶּען׃
43 עֶר הָאט פֶערְטְרוֹיעֶט אוֹיף גָאט,
לָאז עֶר אִיהְם יֶעצְט מַצִיל זַיין, וֶוען
עֶר וִויל אִיהְם הָאבֶּען, וָוארִין עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער זוּהְן פוּן גָאט׃
44 אוּנְד דִיא רוֹיבֶּערְס וָואס זֶענֶען
מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען גֶעקְרֵייצִיגְט, הָאבֶּען
אִיהְם דָאס גֶעמְלִיכֶע פָארְגֶעוָוארְפֶען׃
45 אוּנְד פוּן דֶער זֶעקְסְטֶער שָׁעָה אִיז
גֶעוֶועזֶען פִינְסְטֶער אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען
לַאנְד, בִּיז צוּר נֵיינְטֶער שָׁעָה׃
46 אוּנְד אוּם דֶער נֵיינְטֶער שָׁעָה הָאט
יֵשׁוּעַ גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, אֱלָהִי אֱלָהִי לָמָה שְׁבַקְתָּנִי,
דָאס הֵייסְט, מֵיין גָאט, מֵיין גָאט,
וָוארוּם הָאסְט דוּא מִיךְ פֶערְלָאזֶען?
47 עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְ־
בֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, וֶוען זַייא הָאבֶּען דָאס
גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זַייא גֶעזָאגְט, עֶר
רוּפְט צוּ אֵלִיָהוּ׃
48 אוּנְד אֵיינֶער פוּן זַייא אִיז בַּאלְד
צוּגֶעלָאפֶען, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען אַ
שְׁוָואם, אוּנְד הָאט עֶס גֶעפִילְט מִיט
עֶסִיג. אוּנְד הָאט עֶס אוֹיף אַ שְׁטֶעקֶען
גֶעזֶעצְט אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּ
טְרִינְקֶען׃
49 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען גֶע־
זָאגְט, לָאז אִיהְם זַיין, מִיר וֶועלֶען
זֶעהֶען אוֹיבּ אֵלִיָהוּ וֶועט קוּמֶען אוּנְד
וֶועט אִיהְם הֶעלְפֶען׃
50 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט וִוידֶער גֶעשְׁרִיגֶען
מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל אוּנְד אִיז פֶערְגַאנְגֶען׃
51 אוּנְד זֶעה, דָאס פָּרוֹכֶת פוּן דֶעם
בֵּית הַמִקְדָשׁ אִיז אִין צְווֵייעֶן צֶערְרִיסֶען
גֶעוָוארֶען, פוּן אוֹיבֶּען בִּיז אַרוּפּ, אוּנְד
דִיא עֶרְד הָאט גֶעצִיטֶערְט, אוּנְד דִיא
פֶעלְזֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁפָּאלְטֶען׃
52 אוּנְד דִיא קְבָרִים הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְ־
גֶעמַאכְט, אוּנְד פִילֶע לֵייבֶּער פוּן דִיא
צַדִיקִים וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁלָאפֶען, זֶענֶען
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען׃
53 אוּנְד זֶענֶען פוּן דִיא קְבָרִים אַרוֹיס־
גֶעקוּמֶען, נָאךְ זַיין אוֹיפְשְׁטֵיין, אוּנְד
זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא הֵיילִיגֶע
שְׁטָאט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ בֶּעוִויזֶען צוּ
פִילֶע׃
54 אוּנְד דֶער הוֹיפְּטמַאן אוּנְד דִיא
וָואס הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶעהִיט יֵשׁוּעַ,
וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דִיא עֶרְד־
צִיטֶערְנִיס, אוּנְד דָאס וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען,
אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ זֶעהְר גֶעפָארְכְטֶען
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶער אִיז גֶעוִויס
גֶעוֶועזֶען דֶער זוּהְן פוּן גָאט׃
55 אוּנְד עֶס זֶענֶען דָארְטֶען גֶעוֶועזֶען
פִילֶע וֵוייבֶּער וָואס הָאבֶּען יֵשׁוּעַ נָאכְ־
גֶעפָאלְגְט פוּן גָלִיל, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
בֶּעדִינְט, זַייא הָאבֶּען דָאס פוּן וַוייטֶען
צוּגֶעזֶעהֶען׃
56 אוּנְד עֶס אִיז צְווִישֶׁען זַייא גֶעוֶועזֶען
מִרְיָם מַגְדָלֶנָה, אוּנְד מִרְיָם דִיא מוּטֶער
פוּן יַעֲקֹב אוּנְד יוֹסֵי, אוּנְד דִיא מוּטֶער

פוּן

פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן זַבְדִי׃

57 אוּנְד אוֹיף דֶעם אָבֶענְד אִיז גֶעקוּמֶען אֵיין רֵייכֶער מַאן פוּן אַרְמָתְיָה, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען יוֹסֵף, וָואס עֶר אִיז אֵלֵיין אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אַ תַּלְמִיד פוּן יֵשׁוּעַ׃

58 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ פִּילָטוּס, אוּנד הָאט גְעבֶּעטֶען אוּם דֶעם לֵייבּ פוּן יֵשׁוּעַ. אַזוֹי הָאט פִּילָטוּס בֶּעפוֹילֶען אַז מֶען זָאל אִיהְם דֶעם לֵייבּ גֶעבֶּען׃

59 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶענוּמֶען דֶעם לֵייבּ, אוּנְד הָאט אִיהְם אֵיינְגֶעוִויקֶעלְט אִין אַ רֵיין לֵיילֶעךְ׃

60 אוּנְד הָאט אִיהְם אַרֵיינְגֶעלֵייגְט אִין זֵיין אֵייגֶענֶעם נֵייעֶן קֶבֶר, וָואס עֶר הָאט אוֹיסגֶעהַאקְט אִין אֵיין פֶעלְזֶען, אוּנְד הָאט אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט אֵיין גְרוֹיסֶען שְׁטֵיין אוֹיף דֶער טִיר פוּן דֶעם קֶבֶר, אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען׃

61 אוּנְד עֶס זֶענֶען דָארְט גֶעוֶועזֶען מִרְיָם מַגְדַלֶנָה, אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע מִרְיָם, וָואס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִיבֶּער דֶעם קֶבֶר׃

62 אוּנְד צוּ מָארְגֶען, וָואס אִיז נָאךְ עֶרֶב יוֹם טוֹב, הָאבֶּען זִיךְ דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט צוּ פִּילָטוּס׃

63 אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, הַאר, מִיר גֶעדֶענְקֶען דָאס דִיזֶער פֶערְפִיהְרֶער הָאט גֶעזָאגְט וֶוען עֶר הָאט נָאךְ גֶעלֶעבְּט, נָאךְ דְרֵייא טֶעג וֶועל אִיךְ אוֹיפְשְׁטֵיין׃

64 דְרוּם בֶּעפֶעל מֶען זָאל דָאס קֶבֶר בֶּעוַואכֶען, בִּיז צוּ דֶעם דְרִיטֶען טָאג, וָוארִין טָאמֶער וֶועלֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים קוּמֶען בֵּייא דֶער נַאכְט, אוּנְד וֶועלֶען אִיהְם גַנְבֶענֶען, אוּנְד וֶועלֶען דֶעם פָאלְק זָאגֶען אַז עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען. אוּנְד דִיא לֶעצְטֶע פֶערְפִירֶענֶעס וֶועט עֶרגֶער זֵיין פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע׃

65 אוּנְד פִּילָטוּס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר הָאט אֵיינֶע וַואךְ, גֵייט אוּנְד פֶערְוָוארֶענְט עֶס וִויא אִיהְר קֶענְט׃

66 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען דָאס קֶבֶר פֶערְוָוארֶענְט, אוּנְד הָאבֶּען אֵיינֶע וַואךְ גֶעשְׁטֶעלְט׃

## קאפיטעל כח

1 אוּנְד נָאךְ מוֹצָאֵי שַׁבָּת, וֶוען עֶס הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ טָאגֶען, קֶעגֶען דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אִין דֶער וָואךְ, אִיז מִרְיָם מַגְדַלֶנָה אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע מִרְיָם גֶעקוּמֶען דָאס קֶבֶר צוּ זֶעהֶען׃

2 אוּנְד זֶעה, דָא וַואר אֵיינֶע גְרוֹיסֶע עֶרְדצִיטֶערְנִיס, וָוארִין אֵיין מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר גָאט אִיז אַרוּפְגֶעקוּמֶען פוּן הִימֶעל, אוּנְד אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט אַוֶועקְגֶערָאלְט דֶעם שְׁטֵיין פוּן דֶער טִיר אוּנְד אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען׃

3 אוּנְד זֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט אִיז גֶעוֶועזֶען וִויא אֵיין בְּלִיץ, אוּנְד זֵיינֶע קְלֵיידוּנְג וֵויים וִויא שְׁנֵייא׃

4 אוּנְד דִיא הִיטֶערְס הָאבֶּען גֶעצִיטֶערְט פָאר מוֹרָא, אוּנְד זֶענֶען גֶעוֶועזֶען וִויא דִיא טוֹיטֶע׃

5 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ דִיא וֵוייבֶּער גֶעזָאגְט, פָארְכְט אֵייךְ נִיט, וָוארִין אִיךְ וֵויים דָאס אִיהְר זוּכְט יֵשׁוּעַ וָואס וַואר גֶעקְרֵייצִיגְט׃

6 עֶר אִיז נִיט הִיר, וָוארִין עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט. קוּמְט אוּנְד זֶעהְט דֶעם אָרְט וְואוּ דֶער הַאר אִיז גֶעלֶעגֶען׃

7 אוּנְד גֵייט גֶעשְׁוִוינְד אוּנְד זָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים דָאס עֶר אִיז פוּן דֶעם טוֹיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען. אוּנְד זֶעהְט, עֶר

וֶועט צוּ פַאר אֵייךְ גֵיין נָאךְ גָלִיל,
דָארְטֶען וֶועט אִיהְר אִיהם זֶעהֶען. זֶעהְט,
אִיךְ הָאבּ עֶס אֵייךְ גֶעזָאגְט :
8 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁוִוינְד אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם קֶבֶר מִיט מוֹרָא,
אוּנְד מִיט גְרוֹיס שִׂמְחָה, אוּנְד זֶענֶען
גֶעלָאפֶען כְּדֵי עֶס צוּ דֶערְצֵיילֶען צוּ
זֵיינֶע תַּלְמִידִים :
9 אוּנְד ווִיא זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
עֶס צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּ דֶערְצֵיילֶען,
אַזוֹי הָאט זֵייא יֵשׁוּעַ בֶּעגֶעגְנֶעט, אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם צוּ אֵייךְ, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא דִיא פִּיס,
אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט :
10 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
פָארְכְט אֵייךְ נִיט, גֵייט אוּנְד זָאגְט
מֵיינֶע בְּרִידֶער דָאס זֵייא זָאלֶען אַוֶועק־
גֵיין קֵיין גָלִיל, אוּנְד דָארְטֶען וֶועלֶען
זֵייא מִיךְ זֶעהֶען :
11 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶע־
גַאנְגֶען, אַזוֹי זֶענֶען עֶטְלִיכֶע פוּן דֶער
וַואךְ אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען,
אוּנְד הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט צוּ דִיא רָאשֵׁי
כֹּהֲנִים אַלֶעס וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען :
12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט
מִיט דִיא עֶלְצְטֶע, אוּנְד הָאבֶּען אֵיין
עֵצָה גֶעהַאלְטֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען
פִיל גֶעלְט צוּ דִיא זֶעלְנֶער :
13 אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זָאגְט אִיהְר
דָאס זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען
בֵּייא דֶער נַאכְט אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
גֶעגַנְבֶת, וַוייל מִיר הָאבֶּען גֶעשְׁלָאפֶען :
14 אוּנְד וֶוען דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר וֶועט
דָאס הֶערֶען, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אִיהְם
אִיבֶּערְרֶעדֶען, אוּנְד וֶועלֶען אֵייךְ זִיכֶער
שְׁטֶעלֶען :
15 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען דָאס
גֶעלְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעטְהוּן אַזוֹי ווִיא
זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֶּעלֶעהְרְט, אוּנְד
דִיזֶע זַאךְ הֶערְט מַאן גֶעוֶועהְנְלִיךְ אוּנְטֶער
דִיא יוּדֶען בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג :
16 אוּנְד דִיא עֶלְף תַּלְמִידִים זֶענֶען
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ גָלִיל, צוּם בַּארְג
וְואוּ יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא בֶּעפוֹילֶען :
17 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
זֶעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ צוּ אִיהְם
גֶעבִּיקְט, אוּנְד עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶע־
צְווֵייפֶעלְט :
18 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז צוּ זֵייא גֶעקוּמֶען,
אוּנְד הָאט מִיט זֵייא גֶערֶעט, אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, אַלֶע מַאכְט אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען
אִים הִימֶעל אוּנְד אוֹיף דֶער עֶרְד :
19 דְרוּם גֵייט אוּנְד לֶעהְרְט אַלֶע
פֶעלְקֶער, אוּנְד טוֹבֶלְת זֵייא אִים נָאמֶען
פוּן דֶעם פָאטֶער, אוּנְד פוּן דֶעם זוּהְן,
אוּנְד פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ :
20 אוּנְד לֶעהְרְט זֵייא צוּ הִיטֶען אַלֶעס
וָואס אִיךְ הָאב אֵייךְ בֶּעפוֹילֶען. אוּנְד
זֶעהְט, אִיךְ בִּין שְׁטֶענְדִיג מִיט אֵייךְ,
בִּיז צוּם סוֹף פוּן דֶער וֶועלְט. אָמֵן :



# דָאס הֵיילִיגֶע עֶוַואנְגֶעלִיוּם פוּן מַארְקוּס

1 דֶער אָנְהֵייבּ פוּן דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דֶער זוּהְן פוּן גָאט:

2 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיא נְבִיאִים, זֶעה, אִיךְ שִׁיק מֵיין מַלְאָךְ פַאר דִיר, אוּנְד עֶר וֶועט דֵיין וֶועג פַאר דִיר צוּבְּרֵייטֶען:

3 אֵיין קוֹל פוּן אֵיינֶעם שְׁרֵייעֶט אִין דֶער מִדְבָּר, מַאכְט פֶערְטִיג דֶעם וֶועג פוּן דֶעם הַאר, מַאכְט גְלֵייךְ זֵיינֶע שְׁטֶעגֶען:

4 אוּנְד יוֹחָנָן הָאט גֶעטוֹיפְט אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנְד הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא טוֹיפֶע פוּן תְּשׁוּבָה צוּ דֶער פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְדֶען:

5 אוּנְד עֶס זֶענֶען צוּ אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דָאס גַאנְצֶע לַאנְד יְהוּדָה, אוּנְד דִיא לֵייט פוּן יְרוּשָׁלַיִם; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע גֶעלָאזְט טוֹיפֶען בֵּייא אִיהְם אִים טֵייךְ יַרְדֵן, אוּנְד הָאבֶּען מִתְוַדֶּה גֶעוֶועזֶען זֵייעֶרֶע זִינְדֶען:

6 אוּנְד יוֹחָנָן וַואר גֶעקְלֵיידֶעט אִין קֶעמֶעל הָאר, אוּנְד אֵיין לֶעדֶערְנֶער גַארְטֶעל אַרוּם זֵיינֶע לֶענְדֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעסֶען הֵיישֶׁערֶעקֶען אוּנְד ווִילְדֶען הָאנִיג:

7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעפְּרֶעדִינְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אֵיין שְׁטַארְקֶערֶער פוּן מִיר קוּמְט נָאךְ מִיר, וָואס אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט דָאס אִיךְ זָאל מִיךְ אַרוּפְבֵּייגֶען אוּנְד דָאס לֶעפֶּעל פוּן זֵיינֶע שִׁיךְ אוֹיפְבִּינְדֶען:

8 אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעטוֹיפְט מִיט וַואסֶער, אָבֶּער עֶר וֶועט אֵייךְ טוֹיפֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:

9 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא דָאזִיגֶע טֶעג, אַז יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען פוּן נְצָרֶת אִין גָלִיל, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶע־לָאזְט טוֹיפֶען פוּן יוֹחָנָן אִים יַרְדֵן:

10 אוּנְד אַזוֹי בַּאלְד וִויא עֶר אִיז אוֹיס דֶעם וַואסֶער אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען אַז דֶער הִימֶעל הָאט זִיךְ גֶעשְׁפַּאלְטֶען, אוּנְד דֶער רוּחַ אִיז אוֹיף אִיהְם אַרוּפְגֶעקוּמֶען גְלֵייךְ וִויא אֵיינֶע טוֹיבּ:

11 אוּנְד דָא וַואר אֵיין קוֹל פוּן הִימֶעל, דוּא בִּיסְט מֵיין גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן, אִין וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ וְואוילְגֶעפַאלֶען:

12 אוּנְד דֶער רוּחַ הָאט אִיהְם בַּאלְד גֶעטְרִיבֶּען אִין דֶער מִדְבָּר אַרֵיין:

13 אוּנְד עֶר וַואר דָארְטֶען פֶערְצִיג טֶעג, אוּנְד וַואר גֶעפְּרוּפְט פוּן דֶעם שָׂטָן; אוּנְד עֶר וַואר מִיט דִיא ווִילְדֶע חַיּוֹת, אוּנְד דִיא מַלְאָכִים הָאבֶּען אִיהְם בֶּעדִינְט:

14 אוּנְד נָאכְדֶעם וִויא יוֹחָנָן אִיז אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי אִיז יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען נָאךְ גָלִיל, אוּנְד הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט:

15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיא צֵייט אִיז דֶערְפִילְט, אוּנְד דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז נָאהְנְט. טְהוּט תְּשׁוּבָה, אוּנְד גְלֵייבְּט דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם:

16 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען בֵּיים יַם פוּן גָלִיל, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען שִׁמְעוֹן אוּנְד זֵיין בְּרוּדֶער אַנְדְרַי, וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁוָוארְפֶען אֵיין נֶעץ אִים יַם אַרֵיין, וָוארִין זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִישֶׁערְס:

אוּנְד

17 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, קוּמְט אִיהְר מִיר נָאךְ, אִיךְ וֶועל אֵייךְ מַאכֶען צוּ זֵיין פִישֶׁערְס פוּן מֶענְשֶׁען׃

18 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בַּאלְד זֵייעֶרֶע נֶעצֶען פֶערְלָאזֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט׃

19 אוּנְד וִויא עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען אַבִּיסֶעל וֵוייטֶער גֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען יַעֲקֹב דֶעם זוּהְן פוּן זַבְדִי, אוּנְד זֵיין בְּרוּדֶער יוֹחָנָן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶרֶע נֶעצֶען צוּגֶערֶעכְט גֶעמַאכְט אִין דֶעם שִׁיף׃

20 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא בַּאלְד גֶערוּפֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעלָאזְט זֵייעֶר פָאטֶער זַבְדִי אִין דֶעם שִׁיף מִיט דִיא גֶעדוּנְגֶענֶע לֵייט, אוּנְד זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען׃

21 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ כְּפַר־נַחוּם. אוּנְד עֶר אִיז בַּאלְד אַם שַׁבָּת גֶעקוּמֶען אִין שׁוּהְל אַרֵיין, אוּנְד הָאט גֶעלֶעהְרט׃

22 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער זֵיינֶע לֶערְנוּנְג. וָוארִין עֶר הָאט זֵייא גֶעלֶעהְרט אַזוֹי וִויא אֵיינֶער וָואס הָאט מַאכְט, אוּנְד נִיט אַזוֹי וִויא דִיא סוֹפְרִים׃

23 אוּנְד עֶס וַואר אִין זֵייעֶרֶע שׁוּהְל אֵיין מַאן מִיט אֵיין אוּנְרֵיינֶעם רוּחַ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט׃

24 לָאז אָפּ פוּן אוּנְס, וָואס הָאבֶּען מִיר מִיט דִיר צוּ טְהוּן דוּא יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי? בִּיסְט דוּא גֶעקוּמֶען אוּנְס צוּ פֶערְדַארְבֶּען? אִיךְ קֶען דִיךְ וֶוער דוּא בִּיסְט, דוּא הֵיילִיגֶער פוּן גָאט׃

25 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם אָנְגֶעשְׁרִיעֶן, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, שְׁווֵייג שְׁטִיל, אוּנְד גֵייא אַרוֹיס פוּן אִיהְם׃

26 אוּנְד דֶער אוּנְרֵיינֶער רוּחַ הָאט אִיהְם צֶערְרִיסֶען, אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אֵיין הוֹיךְ קוֹל, אוּנְד אִיז פוּן אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען׃

27 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע פֶערְוְואוּנְדֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן גֶעפְרֶעגְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דָאס? וָואס פַאר אֵיינֶע נֵייעֶ לֶערְנוּנְג אִיז דָאס? וָוארִין עֶר בֶּעפֶעהְלְט אַפִילוּ דִיא אוּנְרֵיינֶע רוּחוֹת אוּנְד זֵייא הֶערֶען אִיהְם צוּ׃

28 אוּנְד זֵיין שֵׁם אִיז בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער גַאנְצֶען גֶעגֶענְד אַרוּם פוּן גָלִיל׃

29 אוּנְד אַזוֹי בַּאלְד וִויא זֵייא זֶענֶען אוֹיס דֶער שׁוּהְל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען אִין הוֹיז אַרֵיין פוּן שִׁמְעוֹן אוּנְד אַנְדְרַי, מִיט יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן׃

30 אוּנְד דִיא שְׁווִיגֶער פוּן שִׁמְעוֹן אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיף אֵיין קַדַּחַת, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם בַּאלְד פוּן אִיהְר גֶעזָאגְט׃

31 אוּנְד עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט זִיא אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא דֶער הַאנְד, אוּנְד הָאט זִיא אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנְד דָאס קַדַּחַת הָאט זִיא בַּאלְד פֶערְלָאזְט, אוּנְד זִיא הָאט זֵייא בֶּעדִינְט׃

32 אוּנְד אוֹיף דֶעם אָבֶענְד, וֶוען דִיא זוּן אִיז אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט מֶען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אַלֶע דִיא וָואס וַוארֶען קְרַאנְק אוּנְד וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט שֵׁדִים׃

33 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט וַואר פֶערְזַאמֶעלְט פָאר דֶער טְהִיר׃

34 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵיילְט פִילֶע וָואס וַוארֶען קְרַאנְק אוֹיף פֶערְשִׁידֶענֶע קְרֶענְק. אוּנְד הָאט אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פִילֶע שֵׁדִים. אוּנְד עֶר הָאט דִיא שֵׁדִים נִיט גֶעלָאזְט



רערען

רֶעדֶען, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעקֶענְט:

35 אוּנְד אִין דֶער פְּרִיה אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען לַאנְג פַאר טָאג אוּנְד אִיז אַװעקְגֶענַאנְגֶען, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אֵיין װיסְטֶען אָרְט, אוּנְד הָאט דָארְט מִתְפַּלֵל גֶעװעזֶען:

36 אוּנְד שִׁמְעוֹן אוּנְד דִיא וָואס װארֶען מִיט אִיהְם הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט:

37 אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפוּנֶען, הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַלֶע לֵייט זוּכֶען דִיךְ:

38 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר גֵיין צוּ דִיא שְׁטֶעט וָואס זֶענֶען נָאהֶנְט אַרוּם, דָאס אִיךְ זָאל דָארְטֶען אוֹיךְ פְּרֶעדִיגֶען; וָוארִין פוּן דֶעסְט װעגֶען בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען:

39 אוּנְד עֶר הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין זֵיירֶע שוּלֶען אִין גַאנְץ גָלִיל, אוּנְד הָאט דִיא שֵׁדִים אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען:

40 אוּנְד אֵיין מְצוֹרָע אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד הָאט פַאר אִיהְם אַנִידֶערְגֶעקְנִיעֶט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אוֹיב דוּא װִילְסְט, קֶענְסְט דוּא מִיךְ רֵיינִיגֶען:

41 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אִיבֶּער אִיהְם דֶערְבַּארְמְט, אוּנְד הָאט דִיא הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶערִירְט, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ װִיל, זֵייא גֶערֵיינִיגְט:

42 אוּנְד װֶען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אַזוֹי אִיז דָאס צָרַעַת בַּאלְד פוּן אִיהְם אַװעקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר װאר גֶערֵיינִיגְט:

43 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אָנְגֶעזָאגְט, אוּנְד הָאט אִיהְם בַּאלְד אַװעקְגֶעשִׁיקְט:

44 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא זָאלְסְט קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען, גֵייעֶרְט גֵייא אוּנְד װייז דִיךְ פַאר דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד זֵייא מַקְרִיב פַאר דֵיינֶע רֵיינִיגוּנְג וָואס מֹשֶׁה הָאט גֶעבָּאטֶען, פַאר אֵיין צֵייגְנִיס צוּ זֵייא:

45 אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט עֶס אָנְגֶעהוֹיבֶּען זֶעהְר בֶּעקַאנְט צוּ מַאכֶען, אוּנְד דִיא זַאךְ צוּ פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען, אַזוֹי דָאס עֶר הָאט נִיט מֶעהְר גֶעקֶענְט עֶפֶענְטְלִיךְ אִין דֶער שְׁטָאט אַרֵיינְקוּמֶען. אוּנְד עֶר װאר פוּן דְרוֹיסֶען אִין װיסְטֶע עֶרְטֶער, אוּנְד מֶען אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען פוּן אַלֶע זֵייטֶען:

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג אִיז עֶר װידֶערְגֶעקוּמֶען נָאךְ כְּפַר־נָחוּם, אוּנְד עֶס װאר בֶּעקַאנְט דָאס עֶר אִיז אִין דֶעם הוֹיז:

2 אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען זִיךְ בַּאלְד פֶערזַאמֶעלְט, אַזוֹי דָאס עֶס װאר נִיט מֶעהְר פְּלַאץ פַאר זֵייא, נִיט אַמָאל פַאר דֶער טִיעֶר. אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס װָארְט:

3 אוּנְד זֵייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט אֵיין גִיכְטבְּרִיכִיגֶען, וָואס װאר גֶעטְרָאגֶען פוּן פִיעֶר מֶענְשֶׁען:

4 אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט צוּ אִיהְם צוּקוּמֶען דוּרְךְ דֶעם פָאלְק, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אוֹיפְגֶעדֶעקְט דֶעם דַאךְ אַװוּ עֶר אִיז גֶעװעזֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אוֹיפְגֶעבְּרָאכֶען, אוּנְד הָאבֶּען אַרוּפְגֶעלָאזְט דָאס בֶּעט אוֹיף װעלְכֶען דֶער גִיכְטבְּרִיכִיגֶע אִיז גֶעלֶעגֶען:

5 אוּנְד װֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, אַזוֹי הָאט עֶר צוּם גִיכְטבְּרִיכִיגֶען

גֶעזָאגְט, מֵיין זוּהְן, דֵיינֶע זִינְדֶען זֶענֶען
דִיר פֶערְגֶעבֶּען :
6 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא סוֹפְרִים זֶענֶען
דָארְטֶען גֶעזֶעסֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ גֶעטְרַאכְט אִין זֵייעֶר הַארְץ :
7 וָוארוּם רֶעט דִיזֶער זָאלְכֶע לֶעסְטֶע־
רוּנְג ? וֶוער קֶען זִינְדֶען פֶערְגֶעבֶּען,
נֵייעֶרְט גָאט אַלֵיין ?
8 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט בַּאלְד גֶעוְואוּסְט
אִין זֵיין גֵייסְט דָאס זֵייא הָאבֶּען אִין
זִיךְ אַזוֹי גֶעדַאכְט. אוּנְד עֶר הָאט צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם דֶענְקְט אִיהְר
זָאלְכֶעס אִין אֵייעֶר הַארְץ ?
9 וָואס אִיז גְרִינְגֶער צוּ זָאגֶען צוּם
גִיכְטבְּרִיכִיגֶען, דֵיינֶע זִינְדֶען זֶענֶען דִיר
פֶערְגֶעבֶּען ? אָדֶער צוּ זָאגֶען, שְׁטֵייא
אוֹיף, נֶעם דֵיין בֶּעט, אוּנְד גֵייא אַרוּם ?
10 אָבֶּער דָאס אִיהְר זָאלְט וִויסֶען,
אַז דֶער בֶּן־אָדָם הָאט מַאכְט זִינְדֶען צוּ
פֶערְגֶעבֶּען אוֹיף דֶער עֶרְד, אַזוֹי הָאט
עֶר צוּם גִיכְטבְּרִיכִיגֶען גֶעזָאגְט :
11 אִיךְ זָאג דִיר, שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד
נֶעם דֵיין בֶּעט, אוּנְד גֵייא אַהֵיים :
12 אוּנְד עֶר אִיז בַּאלְד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען זֵיין בֶּעט, אוּנְד
אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פַאר זֵייא אַלֶע.
אַזוֹי דָאס זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע פֶער־
וְואוּנְדֶערְט, אוּנְד אַלֶע הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט
גָאט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען
נָאךְ זָאלְכֶעס קֵיינְמָאל נִיט גֶעזֶעהֶען :
13 אוּנְד עֶר אִיז ווִידֶער אַרוֹיסְגֶעגַאנְ־
גֶען צוּ דֶער זֵייט פוּן דֶעם יַם ; אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז צוּ אִיהְם גֶע־
קוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעלֶעהְרְט :
14 אוּנְד ווִיא עֶר אִיז פֶערְבֵּייא גֶע־
גַאנְגֶען, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען לֵוִי, דֶעם
זוּהְן פוּן חַלְפַי, זִיצֶען אִים צָאלְהוֹיז.
אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָאלְג
מִיר נָאךְ. אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּנְד הָאט אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט :
15 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען עֶר אִיז גֶעזֶע־
סֶען בֵּיים טִישׁ אִין זֵיין הוֹיז, דָאס פִילֶע
מוֹכְסִים אוּנְד זִינְדֶער זֶענֶען אוֹיךְ גֶע־
זֶעסֶען צוּ טִישׁ מִיט יֵשׁוּעַ אוּנְד זֵיינֶע
תַּלְמִידִים. וָוארִין עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
פִילֶע, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶע־
פָאלְגְט :
16 אוּנְד וֶוען דִיא סוֹפְרִים אוּנְד דִיא
פְּרוּשִׁים הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען עֶסֶען
מִיט מוֹכְסִים אוּנְד זִינְדֶער, אַזוֹי הָאבֶּען
זֵייא גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, וָוארוּם
טְהוּט עֶר עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען מִיט
מוֹכְסִים אוּנְד זִינְדֶער ?
17 אוּנְד ווִיא יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט,
הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דִיא וָואס
זֶענֶען גֶעזוּנְד בֶּעדַארְפֶען קֵיין דָאקְטָאר
נִיט, נֵייעֶרְט דִיא וָואס זֶענֶען קְרַאנְק ;
אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען צוּ רוּפֶען דִיא
צַדִיקִים, נֵייעֶרְט דִיא זִינְדֶער צוּ תְּשׁוּבָה :
18 אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים פוּן יוֹחָנָן אוּנְד
פוּן דִיא פְּרוּשִׁים פְּלֶעגֶען צוּ פַאסְטֶען.
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָוארוּם פַאסְטֶען דִיא
תַּלְמִידִים פוּן יוֹחָנָן אוּנְד פוּן דִיא פְּרוּשִׁים,
אוּנְד דֵיינֶע תַּלְמִידִים פַאסְטֶען נִיט ?
19 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
קֶענֶען דִיא חַתוּנָה־לֵייט פַאסְטֶען, ווייל
דֶער חָתָן אִיז נָאךְ בֵּייא זֵייא ? אַזוֹי
לַאנְג ווִיא זֵייא הָאבֶּען דֶעם חָתָן מִיט
זִיךְ, קֶענֶען זֵייא נִיט פַאסְטֶען :
20 אָבֶּער דִיא צֵייט וֶועט קוּמֶען, וֶוען
דֶער חָתָן וֶועט פוּן זֵייא אַוֶועקְגֶענוּמֶען
וֶוערֶען, אוּנְד אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא פַאסְטֶען
אִין דִיזֶע טֶעג :

21 אוּנְד קֵיינֶער פֶּערְרִיכְט נִיט אֵיין
אַלְטֶעס קְלֵייד מִיט אֵיין שְׁטִיק פוּן
נַייעֶם שְׁטָאף. וָוארִין זָאנְסְט רֵייסְט
זִיךְ דָאס נַייעֶ שְׁטִיק אָב פוּן דֶעם
אַלְטֶען, אוּנְד דֶער רִיס וֶוערְט נָאךְ
עֶרְגֶער׃
22 אוּנְד קֵיינֶער גִיסְט נִיט קֵיין נַייעֶן
ווַיין אִין אַלְטֶע לֶעגֶעל אַרֵיין. וָוארִין
זָאנְסְט צֶערְרֵייסְט דֶער נַייעֶר ווַיין דִיא
לֶעגֶעל, אוּנְד דֶער ווַיין וֶוערְט אוֹיס־
גֶעגָאסֶען, אוּנְד דִיא לֶעגֶעל וֶוערֶען
פֶּערְדָארְבֶּען. נֵייעֶרְט נַייעֶר ווַיין מוּס
אִין נַייעֶ לֶעגֶעל אַרֵיינְגֶעגָאסֶען וֶוערֶען׃
23 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען עֶר אִיז
אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אַם שַׁבָּת צְווִישֶׁען דִיא
תְּבוּאוֹת, דָאס זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען
אִים פֶּערְבַּייא גֵיין אָנְגֶעהוֹיבֶּען זַאנְגֶען
אָבְצוּפְּלִיקֶען׃
24 אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, זֶעה, וָוארוּם טְהוּעֶן זַייא אַם
שַׁבָּת וָואס אִיז נִיט דֶערְלוֹיבְּט?
25 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
הָאט אִיהְר קֵיינְמָאל נִיט גֶעלֵיינְט וָואס
דָוִד הָאט גֶעטְהוּן, וֶוען עֶר וַואר אִין
דֶער נוֹיט, אוּנְד וֶוען עֶר אוּנְד דִיא
וָואס וַוארֶען מִיט אִיהְם זֶענֶען הוּנְגֶערִיג
גֶעוֶועזֶען׃
26 ווִיא עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם
הוֹיז פוּן גָאט, אִין דֶער צֵייט פוּן אֶבְיָתָר
הַכֹּהֵן, אוּנְד הָאט גֶעגֶעסֶען דָאס לֶחֶם
הַפָּנִים, וָואס אִיז נִיט דֶערְלוֹיבְּט צוּ
עֶסֶען נֵייעֶרְט פַאר דִיא כֹּהֲנִים, אוּנְד
עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא וָואס
וַוארֶען מִיט אִיהְם?
27 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
דֶער שַׁבָּת וַואר גֶעמַאכְט פַאר דֶעם
מֶענְשׁ, אוּנְד נִיט דֶער מֶענְשׁ פַאר דֶעם
שַׁבָּת׃
28 דְרוּם אִיז דֶער בֶּן־אָדָם הַאר אוֹיךְ
אִיבֶּער דֶעם שַׁבָּת׃

## קאפיטעל ג

1 אוּנְד עֶר אִיז ווִידֶער גֶעגַאנְגֶען אִין
שׁוּל אַרֵיין. אוּנְד עֶס וַואר דָארְטֶען
אֵיין מַאן וָואס הָאט גֶעהַאט אֵיינֶע
פֶּערְדַארְטֶע הַאנְד׃
2 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אָפְּגֶעהִיט,
אוֹיבּ עֶר וֶועט אִיהְם הֵיילֶען אַם שַׁבָּת,
כְּדֵי זַייא זָאלֶען קֶענֶען אוֹיף אִיהְם
הָאבֶּען אֵיינֶע אָנְקְלָאג׃
3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מַאן וָואס הָאט גֶעהַאט דִיא פֶּערְדַארְטֶע
הַאנְד, שְׁטֵייא אוֹיף אִין דֶערְמִיטֶען׃
4 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיז
עֶס דֶערְלוֹיבְּט אַם שַׁבָּת גוּטֶעס צוּ טְהוּן,
אָדֶער שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן? דָאס לֶעבֶּען
צוּ דֶערְהַאלְטֶען, אָדֶער אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען?
אוּנְד זַייא הָאבֶּען שְׁטִיל גֶעשְׁווִיגֶען׃
5 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוֹיף זַייא אַרוּמְ־
גֶעזֶעהֶען מִיט צָארְן, אוּנְד וַואר בֶּע־
טְרִיבְּט אִיבֶּער זַייעֶרֶע הַארְטֶע הֶערְצֶער,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַאן,
שְׁטְרֶעק אוֹיס דַיינֶע הַאנְד. אוּנְד עֶר
הָאט זִיא אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט; אוּנְד זַיינֶע
הַאנְד אִיז ווִידֶער גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען אַזוֹי
ווִיא דִיא אַנְדֶערֶע׃
6 אוּנְד ווִיא דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זַייא בַּאלְד
אֵיינֶע עֵצָה גֶעהַאלְטֶען קֶעגֶען אִיהְם
מִיט דִיא לֵייט פוּן הוֹרְדוֹס, דָאס זַייא
זָאלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען׃
7 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִיט
זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּם יַם, אוּנְד אֵיין גְרוֹיס
פָאלְק הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט פוּן
גָלִיל אוּנְד פוּן יְהוּדָה׃

אונד

8 אוּנְד פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד פוּן אֱדוֹם,
אוּנְד פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט יַרְדֵן.
אוּנְד אַיין גְרוֹיס פָאלְק פוּן צוֹר אוּנְד
צִידוֹן, וָוען זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט וָואס
פַאר מַעֲשִׂים עֶר הָאט גֶעטְהוּן, אַזוֹי
זָענֶען זַייא צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען:
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע
תַּלְמִידִים, דָאס זַייא זָאלֶען אִיהְם אָנְ־
גְרֵייטֶען אַיין קְלֵיינֶעס שִׁיף, פוּן וָועגֶען
דֶעם פָאלְק, דָאס זַייא זָאלֶען אִיהְם
נִיט שְׁטִיפֶּען:
10 וָוארִין עֶר הָאט פִילֶע גֶעהֵיילְט,
אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט פְּלָאגֶען
זָענֶען אִיהְם אִיבֶּערפַאלֶען, דָאס זַייא
זָאלֶען אִיהְם אָנְרִירֶען:
11 אוּנְד דִיא אוּנְרֵיינֶע רוּחוֹת, וָוען
זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, זָענֶען זַייא
פַאר אִיהְם אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען; אוּנְד
הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
דוּא בִּיסְט דֶער זוּהְן פוּן גָאט:
12 אוּנְד עֶר הָאט זַייא זֶעהְר אָנְגֶע־
שְׁרִיעֶן דָאס זַייא זָאלֶען אִיהְם נִיט בֶּע־
קַאנְט מַאכֶען:
13 אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף
אַיין בַּארְג, אוּנְד הָאט צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען
וָועמֶען עֶר הָאט גֶעוָואלְט, אוּנְד זַייא
זָענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען:
14 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְדֶערְוֶוויילְט
צְוֶועלְף, דָאס זַייא זָאלֶען מִיט אִיהְם
זַיין, אוּנְד דָאס עֶר זָאל זַייא אוֹיסְ־
שִׁיקֶען צוּ פְּרֶעדִיגֶען:
15 אוּנְד דָאס זַייא זָאלֶען הָאבֶּען מַאכְט
קְרֶענְק צוּ הֵיילֶען, אוּנְד שֵׁדִים אַרוֹיסְ־
צוּטְרֵייבֶּען:
16 אוּנְד צוּ שִׁמְעוֹן הָאט עֶר אַיין
נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען פֶּעטְרוֹס:
17 אוּנְד יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן זַבְדַי,
אוּנְד יוֹחָנָן דֶעם בְּרוּדֶער פוּן יַעֲקֹב,
זַייא הָאט עֶר אַיין נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען בְּנֵי
רֶגֶשׁ, וָואס הֵייסְט דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם
דָאנֶער:
18 אוּנְד אַנְדְרֵי, אוּנְד פִילִיפּוֹס, אוּנְד
בַּר־תַּלְמַי, אוּנְד מַתְיָא, אוּנְד תּוֹמָא,
אוּנְד יַעֲקֹב דֶעם זוּהְן פוּן אַלְפַי, אוּנְד
תַּדַי, אוּנְד שִׁמְעוֹן הַקַּנָּאִי:
19 אוּנְד יְהוּדָה אִישׁ קְרִיּוֹת, וָואס
הָאט אִיהְם אוֹיךְ פֶערְרָאטֶען; אוּנְד
זַייא זָענֶען אַהֵיים גֶעקוּמֶען:
20 אוּנְד דָאס פָאלְק זָענֶען זִיךְ וִוידֶער
צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען, אַזוֹי דָאס זַייא הָאבֶּען
נִיט אַמָאל גֶעקֶענְט בְּרוֹיט עֶסֶען:
21 אוּנְד וָוען זַיינֶע פְרֵיינְד הָאבֶּען
דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי זָענֶען זַייא אַרוֹיס־
גֶעגַאנְגֶען אוּם אִיהְם צוּ נֶעמֶען. וָוארִין
זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט עֶר אִיז אוֹיסֶער זִיךְ:
22 אוּנְד דִיא סוֹפְרִים וָואס זָענֶען
אַרָאפְּגֶעקוּמֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען גֶע־
זָאגְט, עֶר הָאט דֶעם בַּעַל־זְבוּב. אוּנְד
עֶר טְרֵייבְּט אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים דוּרְךְ
דֶעם הַאר פוּן דִיא שֵׁדִים:
23 אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶערוּפֶען, אוּנְד
הָאט צוּ זַייא גֶערֶעט אִין מְשָׁלִים. וִויא
אַזוֹי קֶען אַיין שָׂטָן דֶעם אַנְדֶערְן אַרוֹיסְ־
טְרֵייבֶּען:
24 אוּנְד וָוען אַיין קֶענִיגְרֵייךְ אִיז נִיט
אֵיינִיג מִיט זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אַזוֹי קֶען דָאס
קֶענִיגְרֵייךְ נִיט בֶּעשְׁטֵיין:
25 אוּנְד וָוען אַיין הוֹיז אִיז נִיט אֵיינִיג
מִיט זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אַזוֹי קֶען דָאס הוֹיז
נִיט בֶּעשְׁטֵיין:
26 אוּנְד וָוען דֶער שָׂטָן שְׁטֵייט אוֹיף
קֶעגֶען זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אוּנְד אִיז מִיט זִיךְ
נִיט אֵיינִיג, אַזוֹי קֶען עֶר נִיט בֶּעשְׁטֵיין,
נֵייעֶרְט עֶר הָאט אַיין עֶנְד:

27 קֵיינֶער קֶען נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אִין
דֶעם הויז פוּן אֵיין גִבּוֹר, אוּנְד זֵיין
הויזְרָאט רוֹיבֶּען, אויסְגֶענוּמֶען דָאס עֶר
וֶועט פְרִיהֶער דֶעם גִבּוֹר בִּינְדֶען, אוּנְד
דֶערְנָאךְ וֶועט עֶר זֵיין הויז רוֹיבֶּען:
28 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, דָאס אַלֶע
זִינְדֶען וֶועלֶען צוּ דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער
פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד דִיא לֶעסְטֶער־
רוּנְגֶען וָואס זֵייא וֶועלֶען לֶעסְטֶערְן:
29 אָבֶּער דֶער וָואס וֶועט לֶעסְטֶערְן
קֶעגֶען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, דֶער הָאט
אויף אֵייבִּיג קֵיינֶע פֶערְגֶעבּוּנְג נִיט,
נֵייעֶרְט עֶר אִיז פֶערְשׁוּלְדִיגְט צוּם
אֵייבִּיגֶען גֶערִיכְט:
30 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר
הָאט אֵיין אוּנְרֵיינֶעם רוּחַ:
31 דֶערְנָאךְ זֶענֶען זֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד
זֵיינֶע מוּטֶער גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֶענֶען גֶע־
שְׁטַאנֶען פוּן דְרוֹיסֶען, אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם גְעשִׁיקְט רוּפֶען:
32 אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז אַרוּם אִיהְם
גֶעזֶעסֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, זֶעה, דֵיינֶע מוּטֶער אוּנְד דֵיינֶע
בְּרִידֶער זֶענֶען דְרוֹיסֶען אוּנְד זוּכֶען דִיךְ:
33 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז מֵיינֶע
מוּטֶער אָדֶער מֵיינֶע בְּרִידֶער:
34 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעזֶעהֶען
אויף דִיא וָואס זֶענֶען אַרוּם אִיהְם גֶע־
זֶעסֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דָאס זֶענֶען
מֵיינֶע מוּטֶער אוּנְד מֵיינֶע בְּרִידֶער:
35 וָוארִין וֶוער עֶס וֶועט טְהוּן דֶען
וִוילֶען פוּן גָאט, דֶער אִיז מֵיין בְּרוּדֶער,
אוּנְד מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, אוּנְד מֵיינֶע
מוּטֶער:

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד עֶר הָאט וִוידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען
צוּ לֶערְנֶען בֵּייא דֶער זֵייט פוּן דֶעם יַם,
אוּנְד אֵיין גְרוֹיס פָאלְק הָאט זִיךְ צוּ
אִיהְם אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט, אַזוֹי דָאס עֶר
אִיז אִין אַ שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
אִיז גֶעזֶעסֶען אויף'ן יַם, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק וַואר אויף דֶעם לַאנְד
בֵּיים יַם:
2 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעלֶעהְרְט פִיל
זַאכֶען דוּרְךְ מְשָׁלִים, אוּנְד עֶר הָאט צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט אִין זֵיינֶע לֶערְנוּנְג:
3 הֶערְט צוּ, אֵיין זֵייעֶר אִיז אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען צוּ זֵייעֶן:
4 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען עֶר הָאט גֶע־
זֵייעֶט, אַזוֹי אִיז אַבִּיסֶעל גֶעפַאלֶען בֵּיים
וֶועג, אוּנְד דִיא פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל
זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען עֶס אויפְ־
גֶעגֶעסֶען:
5 אוּנְד וִוידֶער אַבִּיסֶעל אִיז גֶעפַאלֶען
אויף אֵיין שְׁטֵיינֶערְדִיגֶען גְרוּנְד, וְואוּ
עֶס הָאט נִיט גֶעהַאט פִיל עֶרְד. אוּנְד
עֶס הָאט בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאצְט,
וַוייל עֶס הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע טִיפֶע
עֶרְד:
6 אוּנְד וֶוען דִיא זוּן אִיז אויפְגֶעגַאנְגֶען
אַזוֹי וַואר עֶס דֶערְהִיצְט, אוּנְד וַוייל עֶס
הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיין וָוארְצֶעל, אַזוֹי
וַואר עֶס פֶערְדַארְט:
7 אוּנְד אַבִּיסֶעל אִיז גֶעפַאלֶען צְוִוישֶׁען
דִיא דֶערְנֶער. אוּנְד דִיא דֶערְנֶער זֶענֶען
אויפְגֶעוַואקְסֶען, אוּנְד הָאבֶּען עֶס דֶער־
שְׁטִיקְט, אוּנְד עֶס הָאט נִיט קֵיינֶע
פְרוּכְט גֶעגֶעבֶּען:
8 אוּנְד אַבִּיסֶעל אִיז גֶעפַאלֶען אויף
אֵיין גוּטֶען גְרוּנְד אוּנְד עֶס הָאט גֶע־
בְּרַאכְט פְרוּכְט וָואס אִיז אויפְגֶעגַאנְגֶען
אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעמֶעהְרְט. אֵיינְס
הָאט גֶעטְרָאגֶען דְרֵייסִיגְפֶעלְטִיג, אֵיינְס

זעכְצִיגְפֶעלְטִיג, אוּנְד אֵיינְס הוּנְדֶערְטְ־
פֶעלְטִיג׃
9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
װער עֶס הָאט אויעֶרֶען צוּ הֶערֶען, לָאז
עֶר הֶערֶען׃
10 אוּנְד װען עֶר אִיז אַלֵיין גֶעװעזֶען,
אַזוי הָאבֶּען דִיא װָאס װאַרֶען אַרוּם
אִיהְם מִיט דִיא צְװעלְף גֶעפְרֶעגְט
װעגֶען דֶעם מָשָׁל׃
11 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
צוּ אֵייךְ אִיז עֶס גֶעגֶעבֶּען אַז אִיהְר
זָאלְט װיסֶען דֶעם סוֹד פוּן דֶעם קֶענִיגְ־
רֵייךְ פוּן גָאט, אָבֶּער צוּ דִיא װָאס
זֶענֶען דְרויסֶען גֶעשֶׁעהְט אַלֶעס אִין
מְשָׁלִים׃
12 דָאס זֶעהֶען זָאלֶען זַייא זֶעהֶען,
אוּנְד זָאלֶען נִיט װיסֶען, אוּנְד הֶערֶען
זָאלֶען זַייא הֶערֶען, אוּנְד נִיט פֶערְ־
שְׁטֵיין. װָארִין טָאמֶער װעלֶען זַייא זִיךְ
בֶּעקֶערֶען, אוּנְד זַיירֶע זִינְדֶען װעלֶען
זַייא פֶערְגֶעבֶּען װערֶען׃
13 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
װייסְט אִיהְר נִיט דָאס דָאזִיגֶע מָשָׁל?
װִיא אַזוי װעט אִיהְר דֶען אַלֶע אַנְדֶערֶע
מְשָׁלִים װיסֶען?
14 דֶער זֵייעֶר זֵייעט דָאס װָארְט׃
15 אוּנְד דָאס זֶענֶען דִיא בֵּיים װעג,
אִין װעמֶען דָאס װָארְט װערְט גֶעזֵייעֶט;
אוּנְד װען זַייא הֶערֶען עֶס, אַזוי קוּמְט
בַּאלְד דֶער שָׂטָן, אוּנְד נֶעמְט אַװעק
דָאס װָארְט װָאס אִיז גֶעזֵייעט אִין זֵייעֶר
הַארְץ׃
16 אַזוי זֶענֶען אויךְ דִיא װָאס זֶענֶען
גֶעזֵייעט אויף אֵיין שְׁטֵיינֶערְדִיגֶען גְרוּנְד;
װָאס, װען זַייא הֶערֶען דָאס װָארְט,
גֶעמֶען זַייא עֶס בַּאלְד אויף מִיט
פְרֵייד׃
17 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט קֵיין
װָארְצֶעל אִין זִיךְ, אוּנְד בְּלֵייבֶּען נוּר
פָּאר אֵיינֶע צֵייט. דֶערְנָאךְ װען לֵיידֶען
אוּנְד פֶערְפָאלְגוּנְגֶען קוּמֶען דוּרְךְ דֶעם
װָארְט, אַזוי טְהוּן זַייא זִיךְ בַּאלְד אָנְ־
שְׁטוֹיסֶען׃
18 אוּנְד דִיא דָאס װערֶען גֶעזֵייעט
צְװִישֶׁען דֶערְנֶער, זֶענֶען זָאלְכֶע װָאס
הֶערֶען דָאס װָארְט׃
19 אוּנְד דִיא זָארְגֶען פוּן דִיזֶער װעלְט,
אוּנְד דָאס בֶּעטְרִיגֶען פוּן רֵייכְטוּם,
אוּנְד דָאס גְלִיסְטֶען פוּן אַנְדֶערֶע זַאכֶען,
קוּמֶען אוּנְד דֶערְשְׁטִיקֶען דָאס װָארְט,
אוּנְד עֶס בְּלֵייבְּט אָהְן פְרוּכְט׃
20 אוּנְד דָאס זֶענֶען דִיא װָאס זֶענֶען
גֶעזֵייעֶט אויף גוּטֶען גְרוּנְד, װָאס הֶערֶען
דָאס װָארְט אוּנְד נֶעמֶען עֶס אויף, אוּנְד
טְרָאגֶען פְרוּכְט, אֵיינֶער דְרֵייסִיגְפֶעלְטִיג,
אוּנְד אֵיינֶער זֶעכְצִיגְפֶעלְטִיג, אוּנְד
אֵיינֶער הוּנְדֶערְטְפֶעלְטִיג׃
21 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
בְּרֶענְגְט מֶען דֶען אַרֵיין אֵיין לִיכְט דָאס
מֶען זָאל דָאס זֶעצֶען אוּנְטֶער אַ
מֶעסְטֶעל, אָדֶער אוּנְטֶער אֵיין בֶּעט,
אוּנְד נִיט אַז מֶען זָאל עֶס אַרוֹיפְשְׁטֶע־
לֶען אויף אֵיין לֵייכְטֶער?
22 װָארִין קֵיין זַאךְ אִיז נִיט פֶערְ־
בָּארְגֶען, װָאס װעט נִיט עֶנְטפְּלֶעקְט
װערֶען, אוּנְד עֶס אִיז קֵיין זַאךְ נִיט
פֶערְהוֹילֶען, װָאס װעט נִיט בֶּעקַאנְט
גֶעמַאכְט װערֶען׃
23 װער עֶס הָאט אויעֶרֶען צוּ הֶערֶען,
לָאז עֶר הֶערֶען׃
24 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
גִיבְּט אַכְטוּנְג װָאס אִיהְר הֶערְט. מִיט
דֶעם מָאס װָאס אִיהְר טְהוּט מֶעסְטֶען,
װעט אֵייךְ אויךְ גֶעמָאסְטֶען װערֶען.

אוּנד

אוּנְד צוּ אֵייךְ וָואס הֶערֶען וֶועט נָאךְ
מֶעהְר גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען׃
25 וָוארִין דֶער וָואס הָאט, צוּ דֶעם
וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען. אוּנְד דֶער וָואס
הָאט נִיט, פוּן דֶעם וֶועט אַפִּילוּ דָאס
וָואס עֶר הָאט אוֹיךְ אַוֶועקְגֶענוּמֶען
וֶוערֶען׃
26 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז וִויא אֵיין מַאן
וָואס וַוארְפְט זָאמֶען אִין דֶעם לַאנְד׃
27 אוּנְד עֶר שְׁלָאפְט, אוּנְד שְׁטֵייט
אוֹיף בֵּייא נַאכְט אוּנְד בֵּייא טָאג,
אוּנְד דֶער זָאמֶען שְׁפְּרָאצְט אַרוֹיס,
אוּנְד וַואקְסְט אוֹיף, עֶר וֵוייסְט נִיט וִויא
אַזוֹי׃
28 וָוארִין דִיא עֶרְד בְּרֶענְגְט פוּן זִיךְ
זֶעלְבְּסְט פְרוּכְט, צוּם עֶרְשְׁטֶען דָאס
גְרָאז, דֶערְנָאךְ דִיא זַאנְג, דֶערְנָאךְ דֶעם
פוּלֶען וַוייץ אִין דֶער זַאנְג׃
29 אוּנְד וֶוען דִיא פְרוּכְט אִיז צֵייטִיג,
אַזוֹי שִׁיקְט עֶר בַּאלְד אַרוֹם דִיא קָאסֶע,
וָוארִין דִיא שְׁנִיטְצֵייט אִיז גֶעקוּמֶען׃
30 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, צוּ וָואס
זָאלֶען מִיר פֶערְגְלֵייכֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן גָאט? אוּנְד מִיט וָואס פַאר אֵיין
מָשָׁל זָאלֶען מִיר עֶס פֶערְגְלֵייכֶען?
31 עֶס אִיז אַזוֹי וִויא אֵיין זָאמֶען פוּן
זֶענְפְט, וָואס וֶוען עֶס וֶוערְט גֶעזֵייעֶט
אוֹיף דֶער עֶרְד, אִיז עֶס קְלֵיינֶער פוּן
אַלֶע זָאמֶען וָואס אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד׃
32 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז גֶעזֵייעֶט, אַזוֹי
גֵייט עֶס אוֹיף, אוּנְד וֶוערְט גְרֶעסֶער
וִויא אַלֶע קְרֵייטֶער, אוּנְד בֶּעקוּמְט
גְרוֹיסֶע צְווייגֶען, אַזוֹי דָאס דִיא פֵייגֶעל
פוּן הִימֶעל קֶענֶען וואוֹינֶען אוּנְטֶער
זֵיין שָׁאטֶען׃
33 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט
דָאס וָוארְט דוּרְךְ פִילֶע זָאלְכֶע מְשָׁלִים,
אַזוֹי וִויא זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעקֶענְט
צוּהֶערֶען׃
34 אוּנְד אָהְן אֵיין מָשָׁל הָאט עֶר צוּ
זֵייא נִיט גֶערֶעט, אָבֶּער עֶר הָאט אַלֶעס
צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוֹיסְגֶעלֵייגְט וֶוען
זֵייא זֶענֶען אַלֵיין גֶעוֶועזֶען׃
35 אוּנְד דֶעם נֶעמְלִיכֶען טָאג, אוֹיף
דֶעם אָבֶּענְד, הָאט עֶר צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים
גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר אַרִיבֶּער גֵיין אוֹיף
דֶער אַנְדֶערֶער זֵייט׃
36 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס פָאלְק
אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם
אַרִיבֶּערְגֶענוּמֶען אַזוֹי וִויא עֶר אִיז גֶע־
וֶועזֶען אִין דֶעם שִׁיף. אוּנְד עֶס וַוארֶען
נָאךְ אַנְדֶערֶע שִׁיפֶען מִיט אִיהְם׃
37 אוּנְד דָא וַואר אֵיין גְרוֹיסֶער
שְׁטוּרְמְווִינְד, אוּנְד דִיא וֶועלֶען זֶענֶען
אִין דֶעם שִׁיף אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, בִּיז עֶס
וַואר שׁוֹין פוּל׃
38 אוּנְד עֶר וַואר אוֹיף דֶער אוּנְ־
טֶערְשְׁטֶער זֵייט פוּן דֶעם שִׁיף, אוּנְד
הָאט גֶעשְׁלָאפֶען אוֹיף אֵיין קִישֶׁען׃
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט,
אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי,
בֶּעקִימֶערְסְט דוּא דִיךְ נִיט דָאס מִיר
גֵייעֶן פֶערְלוֹירֶען?
39 אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
עֶר הָאט דֶעם ווִינְד אָנְגֶעשְׁרִיגֶען, אוּנְד
עֶר הָאט צוּם יַם גֶעזָאגְט, זֵייא שְׁטִיל,
הֶער אוֹיף! אוּנְד דֶער ווִינְד הָאט
אוֹיפְגֶעהֶערְט, אוּנְד עֶס אִיז גַאנְץ שְׁטִיל
גֶעוָוארֶען׃
40 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וָוארוּם זֵייט אִיהְר אַזוֹי פוּרְכְטזַאם?
אוּנְד וָוארוּם הָאט אִיהְר נִיט קֵיין
גְלוֹיבֶּען?

41 אונד זייא האבען זיך זעהר גע־
פארכטען, אונד האבען געזאגט איינער
צום אנדערן, וואס פאר איינער איז
דאס, דאס אפילו דער ווינד אונד
דאס ים הערען איהם צו?

## קאפיטעל ה

1 אונד זייא זענען געקומען אויף דער
אנדערער זייט פון ים, צום לאנד פון
דיא גדרונים:
2 אונד וויא ער איז ארויסגעקומען
פון דעם שיף, אזוי איז איהם באלד
ענטקעגען געקומען פון דיא קברים
איין מאן מיט איין אונרייניגעם רוח:
3 אונד ער האט זיינע וואוינונג גע־
האט צווישען דיא קברים, אונד קיינער
האט איהם ניט געקענט בינדען, ניט
אמאל מיט קייטען:
4 ווארין ער וואר אפט געבונדען מיט
בענדער אונד מיט קייטען, אונד ער
האט דיא קייטען צעריסען, אונד האט
צערבראכען דיא בענדער. אונד קיינער
האט איהם ניט געקענט שטילען:
5 אונד ער וואר שטענדיג, טאג אונד
נאכט צווישען דיא בערג אונד דיא
קברים, אונד האט געשריגען אונד האט
זיך געשניטען מיט שטיינער:
6 אונד ווען ער האט ישוע פון ווייטען
געזעהען, איז ער צוגעלאפען אונד
האט זיך צו איהם געביקט:
7 אונד ער האט געשריגען מיט א
הויך קול, אונד האט געזאגט, וואס
האב איך מיט דיר צו טהון, ישוע, דוא
זוהן פון גאט, דעם אייבערשטען? איך
בעשווער דיך ביי גאט, אז דוא
זאלסט מיך ניט פלאגען:
8 ווארין ער האט צו איהם געזאגט,
קום ארויס פון דעם מאן, דוא אונ־
ריינער רוח:
9 אונד ער האט איהם געפרעגט, וואס
איז דיין נאמען? אונד ער האט גע־
ענטפערט אונד האט געזאגט, מיין
נאמען איז לעגיאן, ווארין מיר זענען
פילע:
10 אונד ער האט איהם זעהר גע־
בעטען, דאס ער זאל זייא ניט אוועק
שיקען פון דעם לאנד ארויס:
11 אונד עס וואר דארטען ביי דיא
בערג איינע גרויסע סטאדע פון חזירים
אויף דער ווייֿדע:
12 אונד אלע שדים האבען איהם
געבעטען אונד האבען געזאגט, שיק
אונס דאך צו דיא חזירים, דאס מיר
זאלען צווישען זייא אריינקומען:
13 אונד ישוע האט זייא באלד דער־
לויבט. אונד דיא אונרייניגע רוחות זענען
ארויסגעגאנגען, אונד זענען געקומען
צווישען דיא חזירים, אונד דיא סטאדע
האט זיך ארופגעשטירצט פון איין
משופע ארט אים ים אריין. אונד זייא
ווארען קעגען צוויי טויזענד, אונד זייא
זענען דערטרונקען געווארען אים ים:
14 אונד דיא היטערס פון דיא חזירים
זענען ענטלאפען, אונד האבען עס
דערציילט אין דיא שטאט אונד אין
דיא פעלדער. אונד זייא זענען ארויס־
געגאנגען צו זעהען וואס דא וואר
געשעהען:
15 אונד זייא זענען געקומען צו ישוע,
אונד האבען געזעהען דעם וואס האט
געהאט דיא שדים אונד דיא לעגיאן,
וויא ער איז געזעסען אנגעקליידעט,
אונד פערנינפטיג. אונד זייא האבען זיך
געפארכטען:
16 אונד דיא וואס האבען עס געזעהען,



האבען

הָאבֶּען צוּ זֵייא דֶערצֵיילְט וָואס וַואר גֶעשֶׁעהֶען צוּ דֶעם וָואס הָאט גֶעהַאט דִיא שֵׁיידִים אוּנְד צוּ דִיא חֲזִירִים :

17 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בֶּעטֶען אַז עֶר זָאל פוּן זֵיירֶע גֶעגֶענְד אַוֶועקְגֵיין :

18 אוּנְד וַויא עֶר אִיז אִין דֶעם שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט אִיהְם דֶער וָואס הָאט גֶעהַאט דִיא שֵׁדִים גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל זֵיין בֵּייא אִיהְם :

19 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם נִיט גֶעלָאזְט, נֵייעֶרְט עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא אַהֵיים צוּ דֵיינֶע פְרֵיינְד, אוּנְד דֶערְצֵייל זֵייא וָואס דֶער הַאר הָאט צוּ דִיר גֶעטְהוּן, אוּנְד וַויא עֶר הָאט זִיךְ אִיבֶּער דִיר דֶערְבַּארְמְט :

20 אוּנְד עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסְצוּרוּפֶען אִין דֶעקַאפָּאלִים וָואס יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן. אוּנְד זֵייא הֵאבֶּען זִיךְ אַלֶע פֶערְוְואוּנְדֶערְט :

21 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז וִוידֶער אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין שִׁיף אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער זֵייט, אַזוֹי הָאט זִיךְ אֵיין גְרוֹיס פָאלְק אַרוּם אִיהְם אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט, אוּנְד עֶר וַואר בֵּיים יַם :

22 אוּנְד נוּן אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אֵיינֶער פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער שׁוּהְל, אוּנְד זֵיין נָאמֶען וַואר יָאִיר, אוּנְד וַויא עֶר הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אִיז עֶר אִיהְם צוּ דִיא פִּיס גֶעפַאלֶען :

23 אוּנְד הָאט אִיהְם זֶעהְר גֶעבֶּעטֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, מֵיינֶע טָאכְטֶער אִיז אַם שְׁטַארְבֶּען, קוּם אוּנְד לֵייג דֵיינֶע הֶענְד אוֹיף אִיהְר, כְּדֵי זִיא זָאל גֶעזוּנְד וֶוערֶען. אוּנְד אַזוֹי וֶועט זִיא לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען :

24 אוּנְד עֶר אִיז מִיט אִיהְם גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אֵיין גְרוֹיס פָאלְק הָאט אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁטִיפְּט :

25 אוּנְד דָא וַואר אֵיינֶע פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעהַאט אֵיין בְּלוּטפְּלוּס צְוֶועלְף יָאהְר :

26 אוּנְד זִיא הָאט פִּיל גֶעלִיטֶען פוּן פִּילֶע דָאקְטָארִים, אוּנְד הָאט אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַלֶעס וָואס זִיא הָאט גֶעהַאט, אוּנְד עֶס הָאט אִיהְר נִיט גֶעהָאלְפֶען, נֵייעֶרְט זִיא אִיז נָאךְ עֶרְגֶער גֶעוָוארֶען :

27 וֶוען זִיא הָאט גֶעהֶערְט פוּן יֵשׁוּעַ, אַזוֹי אִיז זִיא גֶעקוּמֶען צְוִוישֶׁען דֶעם פָאלְק פוּן הִינְטֶער אִיהְם, אוּנְד הָאט אָנְגֶערִירְט זֵיין קְלֵייד :

28 וָוארִין זִיא הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ קָאנְטֶע נוּר זֵיין קְלֵייד אָנְרִירֶען, וֶועל אִיךְ גֶעזוּנְד וֶוערֶען :

29 אוּנְד דֶער פְלוּס פוּן אִיהְר בְּלוּט אִיז בַּאלְד פֶערְטְרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען. אוּנְד זִיא הָאט גֶעפִיהלְט אִין אִיהְר לֵייבּ דָאס זִיא וַואר גֶעהֵיילְט פוּן אִיהְרֶע פְּלָאג :

30 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט בַּאלְד גֶעפִיהלְט דָאס גְבוּרָה אִיז פוּן אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען ; אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט צְוִוישֶׁען דֶעם פָאלְק אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט מֵיינֶע קְלֵיידֶער אָנְגֶערִירְט ?

31 אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא זֶעהְסְט אַז דָאס פָאלְק שְׁטִיפְּט דִיךְ, אוּנְד דוּא זָאגְסְט, וֶוער הָאט מִיךְ אָנְגֶערִירְט ?

32 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקוּקְט צוּ זֶעהֶען וֶוער עֶס הָאט דָאס גֶעטְהוּן :

33 אוּנְד דִיא פְרוֹיא הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען אוּנְד הָאט גֶעצִיטֶערְט, וֵוייל זִיא

הָאט גֶעוִויסְט וָאס וַואר גֶעשֶׁעהֶען צוּ
אִיהְר. אוּנְד זִיא אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד אִיז
פָאר אִיהְם אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט
אִיהְם גֶעזָאגְט דִיא גַאנְצֶע וָואהְרְהֵייט :
34 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
מֵיינֶע טָאכְטֶער, דֵיין גְלוֹיבֶּען הָאט דִיךְ
גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט, גֵייא (בְּשָׁלוֹם) אִין
פְרִידֶען, אוּנְד זַייא גֶעהֵיילְט פוּן דֵיינֶע
פְּלָאג :
35 וַוייל עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט, אַזוֹי
אִיז מֶען גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם עֶלְצְטֶען
פוּן דֶער שׁוּהְל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
דֵיינֶע טָאכְטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, וָואס
מְהוּסְט דוּא נָאךְ דֶעם רַבִּי בֶּעמִיהֶען ?
36 אוּנְד אַזוֹי בַּאלְד וִויא יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעהֶערְט דָאס וָוארְט וָואס וַואר גֶע־
זָאגְט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּם עֶלְצְטֶען
פוּן דֶער שׁוּהְל, פָארְכְט דִיךְ נִיט,
גְלֵייב נוּר :
37 אוּנְד עֶר הָאט קֵיינֶעם נִיט דֶערְ־
לוֹיבְּט אִיהְם נָאכְצוּפָאלְגֶען, בֵייעֶרְט
פֶּעטְרוּס אוּנְד יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן דֶער
בְּרוּדֶער פוּן יַעֲקֹב :
38 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִים הוֹיז
אַרֵיין פוּן דֶעם עֶלְצְטֶען פוּן דֶער שׁוּהְל,
אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס גֶעטוּמֶעל,
אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען זֶעהְר גֶעוֵויינְט
אוּנְד גֶעקְלָאגְט :
39 אוּנְד עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם
מַאכְט אִיהְר אֵיין גֶעלַארְם אוּנְד וֵויינְט.
דָאס מֵיידֶעל אִיז נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען,
נֵייעֶרְט זִיא שְׁלָאפְט :
40 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶע־
לַאכְט. אָבֶּער עֶר הָאט זַייא אַלֶע אַרוֹיס־
גֶעטְרִיבֶּען, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען דֶעם
פָאטֶער אוּנְד דִיא מוּטֶער פוּן דֶעם
מֵיידֶעל, אוּנְד דִיא וָואס וַוארֶען מִיט
אִיהְם, אוּנְד אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען וְואוּ
דָאס מֵיידֶעל אִיז גֶעלֶעגֶען :
41 אוּנְד עֶר הָאט דָאס מֵיידֶעל אָנְגֶע־
נוּמֶען בֵּייא דֶער הַאנְד, אוּנְד הָאט צוּ
אִיהְר גֶעזָאגְט, טַלִיתָא קוּמִי, וָואס אִיז
טֵייטְשׁ, מֵיידֶעל, אִיךְ זָאג דִיר שְׁטֵייא
אוֹיף :
42 אוּנְד דָאס מֵיידֶעל אִיז בַּאלְד
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד אִיז אַרוּמְגֶע־
גַאנְגֶען. וָוארִין זִיא וַואר צְוֶועלְף יָאהְר
אַלְט. אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְ־
דֶערְט מִיט אֵיין גְרוֹיס וְואוּנְדֶער :
43 אוּנְד עֶר הָאט זַייא זֶעהְר פֶערְ־
בָּאטֶען, אַז קֵיינֶער זָאל דָאס נִיט
וִויסֶען. אוּנְד עֶר הָאט אִיהְר גֶעהֵייסֶען
גֶעבֶּען צוּ עֶסֶען :

קאפיטעל ו

1 אוּנְד עֶר אִיז פוּן דָארְט אַוֶועקְגֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זַיין
אֵייגֶען לַאנְד ; אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים
הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט :
2 אוּנְד וֶוען דֶער שַׁבָּת אִיז גֶעקוּמֶען,
אַזוֹי הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לֶעהְרֶען
אִין דֶער שׁוּהְל. אוּנְד פִילֶע וָואס
הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט הָאבֶּען זִיךְ
פֶערְוְואוּנְדֶערְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
פוּן וַואנֶען קוּמְט דָאס צוּ אִיהְם ? אוּנְד
וָואס אִיז דָאס פַאר אֵיינֶע חָכְמָה וָואס
אִיז אִיהְם גֶעגֶעבֶּען, דָאס זָאלְכֶע
וְואוּנְדֶער גֶעשֶׁעהֶען דוּרְךְ זַיינֶע הֶענְד :
3 אִיז דָאס נִיט דֶער צִימֶערְמַאן, דֶער
זוּהְן פוּן מִרְיָם, אוּנְד דֶער בְּרוּדֶער פוּן
יַעֲקֹב אוּנְד יוֹסֵי אוּנְד יְהוּדָה אוּנְד
שִׁמְעוֹן ? אוּנְד זֶענֶען נִיט זַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער
הִיר מִיט אוּנְס ? אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ
אִיבֶּער אִיהְם גֶעעֶרְגֶערְט :

4 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אֵיין נָבִיא אִיז נִיט אָהְן כָּבוֹד, נֵייעֶרְט אִין זַיין אֵייגֶען לַאנְד, אוּנְד צְווִישֶׁען זַיינֶע מִשְׁפָּחָה, אוּנְד אִין זַיין אֵייגֶען הוֹיזְגֶעזִינְד:

5 אוּנְד עֶר הָאט דָארְטֶען נִיט גֶעקֶענְט קֵיינֶע וְואוּנְדֶער טְהוּן, חוּץ דָאס עֶר הָאט זַיינֶע הֶענְד גֶעלֵייגְט אוֹיף עֶטְלִיכֶע קְרַאנְקֶע, אוּנְד הָאט זַייא גֶעהֵיילְט:

6 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער זֵייעֶרֶע אוּנְגְלוֹיבִּיגְקֵייט. אוּנְד עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא דֶערְפֶער אוּנְד הָאט גֶעלֶעהְרְט:

7 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען דִיא צְוֶועלְף, אוּנְד הָאט זַייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסצוּשִׁיקֶען צוּ צְווייא, אוּנְד הָאט זַייא גֶעגֶעבֶּען מַאכְט אִיבֶּער אוּנְרֵיינֶע רוּחוֹת:

8 אוּנְד עֶר הָאט זַייא אָנְגֶעזָאגְט דָאס זַייא זָאלֶען גָאר נִיט מִיטְנֶעמֶען אוֹיף דֶעם וֶועג, נֵייעֶרְט נוּר אֵיין שְׁטֶעקֶען, נִיט קֵיין זַאק אוּנְד קֵיין בְּרוֹיט, אוּנְד קֵיין גֶעלְט אִים בֵּייאַגַארְטֶעל:

9 נֵייעֶרְט זַייא זָאלֶען גֵיין אִין שִׁיךְ אָנְגֶעטְהוּן, אוּנְד זָאלֶען נִיט אָנְטְהוּן קֵיינֶע צְווייא רֶעק:

10 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר וֶועט קוּמֶען אִין אֵיין הוֹיז אַרֵיין, בְּלֵייבְּט דְרִינֶען בִּיז אִיהְר וֶועט פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֵיין:

11 אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט אֵייךְ נִיט אָנְנֶעמֶען, אוּנְד וֶועט אֵייךְ נִיט הֶערֶען, וֶוען אִיהְר גֵייט פוּן דָארְטֶען אַוֶועק, אַזוֹי שָׁאקֶעלְט אָפּ דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן אֵיירֶע פִּיס, פַאר אֵיין צֵייגְנִיס צוּ זַייא. פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס וֶועט אִין דֶעם יוֹם הַמִּשְׁפָּט גְרִינְגֶער זַיין פַאר סְדוֹם אוּנְד עֲמוֹרָה ווִיא פַאר דִיזֶער שְׁטָאט:

12 אוּנְד זַייא זֶענֶען אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס דִיא לֵייט זָאלֶען תְּשׁוּבָה טְהוּן:

13 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פִילֶע שֵׁדִים, אוּנְד הָאבֶּען פִילֶע קְרַאנְקֶע גֶעזַאלְבְּט מִיט אֵייל, אוּנְד הָאבֶּען זַייא גֶעהֵיילְט:

14 אוּנְד הוֹרְדוֹס הַמֶּלֶךְ הָאט פוּן אִיהְם גֶעהֶערְט, (וָוארִין זַיין נָאמֶען אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען) אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יוֹחָנָן דֶער מְטַבֵּל אִיז פוּן טוֹיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, דְרוּם וֶוערֶען גְבוּרוֹת דוּרְךְ אִיהְם בֶּעוִויזֶען:

15 אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס עֶר אִיז אֵלִיָּהוּ. אוּנְד ווִידֶער אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס עֶר אִיז אֵיין נָבִיא, אָדֶער אַזוֹי ווִיא אֵיינֶער פוּן דִיא נְבִיאִים:

16 אָבֶּער ווִיא הוֹרְדוֹס הָאט דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט, דָאס אִיז יוֹחָנָן, וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ דֶעם קָאפּ אַרוֹיפְּגֶענוּמֶען; עֶר אִיז פוּן טוֹיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען:

17 וָוארִין דִיזֶער הוֹרְדוֹס הָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאט יוֹחָנָן גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעבּוּנְדֶען אִין דֶער תְּפִיסָה וֶועגֶען הוֹרוֹדְיָא, דָאס וַוייבּ פוּן זַיין בְּרוּדֶער פִילִיפּוּס, וָוארִין עֶר הָאט זִיא פַאר אֵיין וַוייבּ גֶענוּמֶען:

18 וָוארִין יוֹחָנָן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, עֶס אִיז דִיר נִיט דֶערְלוֹיבְּט צוּ הָאבֶּען דֵיין בְּרוּדֶער'ס וַוייבּ:

19 אוּנְד הוֹרוֹדְיָא הָאט אוֹיף אִיהְם אֵיין הַאס גֶעהַאט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעוָואלְט אוּמְבְּרֶענְגֶען, אוּנְד זִיא הָאט נִיט גֶעקֶענְט:

20 וָוארִין הוֹרְדוֹס הָאט זִיךְ גֶע־
פָארְכְטֶען פַאר יוֹחָנָן, וַוייל עֶר הָאט
גֶעוואוּסְט דָאס עֶר אִיז אֵיין גֶערֶעכְטֶער
אוּנְד הֵיילִיגֶער מַאן. אוּנְד עֶר הָאט
אִיהְם אָפְּגֶעהִיט. אוּנְד וֶוען עֶר הָאט
אִיהְם גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר פִיל
גֶעטְהוּן, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶערְן
גֶעהֶערְט:

21 אוּנְד עֶס וַואר אֵיין גֶעוִויסֶער טָאג,
וֶוען הוֹרְדוֹס הָאט אוֹיף זֵיין גֶעבוּרְטְס־
טָאג אֵיינֶע סְעוּדָה גֶעמַאכְט צוּ זֵיינֶע
הַארֶען אוּנְד הוֹיפְּטְלֵייט, אוּנְד צוּ דִיא
עֶלְצְטֶע פוּן גָלִיל:

22 אוּנְד וֶוען דִיא טָאכְטֶער פוּן דִיזֶער
הוֹרוֹדִיָא אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט
גֶעטַאנְצְט, אוּנְד אִיז ווָאוילְגֶעפַאלֶען צוּ
הוֹרְדוֹס אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם
גֶעזֶעסֶען, אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט
צוּם מֵיידֶעל, בֶּעט פוּן מִיר וָואס דוּא
ווִילְסְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס דִיר גֶעבֶּען:

23 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְר גֶעשְׁוָוארֶען,
וָואס דוּא וֶועסְט פוּן מִיר בֶּעטֶען וֶועל
אִיךְ דִיר גֶעבֶּען, בִּיז צוּ דִיא הֶעלְפְט
פוּן מֵיין מַלְכוּת:

24 אוּנְד זִיא אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְר מוּטֶער גֶעזָאגְט, וָואס
זָאל אִיךְ בֶּעטֶען? אוּנְד זִיא הָאט גֶע־
זָאגְט, דֶעם קָאפּ פוּן יוֹחָנָן דֶעם מְטַבֵּל:

25 אוּנְד זִיא אִיז בַּאלְד אֵיילֶענְדִיג
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צוּם קֶענִיג, אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, אִיךְ ווִיל אַז דוּא זָאלְסְט מִיר
בַּאלְד גֶעבֶּען אוֹיף אֵיינֶע שִׁיסֶעל דֶעם
קָאפּ פוּן יוֹחָנָן דֶעם מְטַבֵּל:

26 אוּנְד דֶער קֶענִיג וַואר זֶעהְר בֶּע־
טְרִיבְּט, אָבֶּער וֶועגֶען דֶער שְׁבוּעָה אוּנְד
דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען,
הָאט עֶר אִיהְר נִיט גֶעוָואלְט אָפְּזָאגֶען:

27 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט בַּאלְד גֶע־
שִׁיקְט אֵיין שֶׁעכְטְמֵייסְטֶער, אוּנְד הָאט
בֶּעפוֹילֶען אַז מֶען זָאל זֵיין קָאפּ בְּרֶענְ־
גֶען; אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט
אִיהְם גֶעקֶעפְּט אִין דֶער תְּפִיסָה:

28 אוּנְד הָאט זֵיין קָאפּ גֶעבְּרַאכְט אִין
אַ שִׁיסֶעל, אוּנְד הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ
דֶעם מֵיידֶעל, אוּנְד דָאס מֵיידֶעל הָאט
עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ אִיהְר מוּטֶער:

29 אוּנְד וֶוען זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען
דֶערְפוּן גֶעהֶערְט, זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען,
אוּנְד הָאבֶּען גֶענוּמֶען זֵיין לֵייבּ, אוּנְד
הָאבֶּען עֶס גֶעלֵייגְט אִין אֵיין קֶבֶר
אַרֵיין:

30 אוּנְד דִיא אַפָּאסְטֶעלְם הָאבֶּען זִיךְ
אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט צוּ יֵשׁוּעַ. אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם אַלֶעס דֶערְצֵיילְט, וָואס זֵייא
הָאבֶּען גֶעטְהוּן, אוּנְד וָואס זֵייא הָאבֶּען
גֶעהֶערְט:

31 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
קוּמְט אִיהְר אַלֵיין אִין דֶער ווִיסְטֶענִים
אַרֵיין, אוּנְד רוּהֶעט אֵייךְ אַבִּיסֶעל אָפּ,
וָוארִין פִילֶע זֶענֶען אַרֵיין אוּנְד אַרוֹיס־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט אַמָאל
צֵייט גֶעהַאט צוּ עֶסֶען:

32 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
אִין אֵיין שִׁיף בֵּייא זִיךְ אַלֵיין אִין דֶער
ווִיסְטֶענִים אַרֵיין:

33 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זֵייא גֶע־
זֶעהֶען אַוֶועקְגֵיין, אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען
אִיהְם גֶעקֶענְט; אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַהִין
גֶעלָאפֶען צוּ פוּס פוּן אַלֶע שְׁטֶעט, אוּנְד
זֶענֶען פְרִיהֶער פוּן זֵייא אָנְגֶעקוּמֶען,
אוּנְד זֶענֶען זִיךְ צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען צוּ
אִיהְם:

34 אוּנְד ווִיא יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיסגֶעקוּמֶען,
הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען אֵיין גְרוֹיס פָאלְק,

אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּער זֵייא רַחֲמָנוּת
גֶעהַאט, וָוארִין זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען וִויא
שָׁאף וָואס הָאבֶּען קֵיין פַּאסְטוּךְ נִיט;
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען פִילֶע
זַאכֶען צוּ לֶערְנֶען:
35 אוּנְד וֶוען עֶס וַואר שׁוֹין שְׁפֶּעט,
זֶענֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶע־
קוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז
אַיין וִויסְטֶער אָרְט, אוּנְד עֶס אִיז שׁוֹין
שְׁפֶּעט:
36 שִׁיק זֵייא אַוֶועק, דָאס זֵייא זָאלֶען
גֵיין צוּ דֶעם לַאנְד אוּנְד דִיא דֶערְפֶּער
אַרוּם הִיר, אוּנְד זָאלֶען זִיךְ קוֹיפֶען
בְּרוֹיט; וָוארִין זֵייא הָאבֶּען נִיט וָואס
צוּ עֶסֶען:
37 עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גִיבְּט אִיהְר זֵייא צוּ
עֶסֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, זָאלֶען מִיר גֵיין אוּנְד קוֹיפֶען
פַאר צְוֵוייא הוּנְדֶערְט גִילְדֶען בְּרוֹיט,
אוּנְד זָאלֶען זֵייא גֶעבֶּען צוּ עֶסֶען?
38 עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וִויא
פִיל בְּרוֹיט הָאט אִיהְר? גֵייט אוּנְד
זֶעהְט. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, פִינְף, אוּנְד צְוֵוייא
פִישׁ:
39 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעהֵייסֶען זִיךְ
אַנִידֶערְזֶעצֶען אִין קוּפֶּעס אוֹיף דֶעם
גְרִינֶעם גְרָאז:
40 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְ־
גֶעזֶעצְט אִין צֵיילֶען, צוּ הוּנְדֶערְט אוּנְד
צוּ פִינְפְצִיג:
41 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא פִינְף
בְּרוֹיט אוּנְד דִיא צְוֵוייא פִישׁ, אוּנְד
הָאט אַרוֹיפְגֶעזֶעהֶען צוּם הִימֶעל, אוּנְד
הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט
דָאס בְּרוֹיט צוּבְּרָאכֶען, אוּנְד עֶר הָאט
עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, דָאס
זֵייא זָאלֶען עֶס זֵייא פָּארְלֵייגֶען; אוּנְד
דִיא צְוֵוייא פִישׁ הָאט עֶר פֶערְטֵיילְט
צוּ אַלֶע:
42 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַלֶע גֶעגֶעסֶען
אוּנְד זֶענֶען זַאט גֶעוָוארֶען:
43 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
פוּן דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ צְוֶועלְף קֶערְבּ פוּל
אוּנְד פוּן דִיא פִישׁ:
44 אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען דָאס בְּרוֹיט
גֶעגֶעסֶען וַוארֶען קֶעגֶען פִינְף טוֹיזֶענְד
מֶענְשֶׁען:
45 אוּנְד עֶר הָאט בַּאלְד זַיינֶע תַּלְמִידִים
גֶענֵייטִיגְט זֵייא זָאלֶען אִין אַיין שִׁיף
אַרַיינְגֵיין, אוּנְד זָאלֶען פְרִיהֶער אַרִיבֶּער־
גֵיין צוּ דֶער אַנְדֶערֶער זֵייט נָאךְ בֵּית־
צַיְדָה, בִּיז עֶר וֶועט דָאס פָאלְק
אַוֶועקְשִׁיקֶען:
46 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זֵייא אָפְּגֶע־
שַׁאפְט, אִיז עֶר אוֹיף אַיין בַּארְג אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען מִתְפַּלֵּל צוּ זֵיין:
47 אוּנְד אוֹיף דֶעם אָבֶענְד וַואר דָאס
שִׁיף אִין מִיטֶען יַם, אוּנְד עֶר וַואר
אַלֵיין אוֹיף דֶעם לַאנְד:
48 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז זֵייא
וַוארֶען אִין דֶער נוֹיט מִיט דֶעם רוּדֶע־
רֶען, וָוארִין דֶער וִוינְד וַואר קֶעגֶען זֵייא,
אוּנְד אִין דֶעם פִירְטֶען טֵייל פוּן דֶער
נַאכְט אִיז עֶר צוּ זֵייא גֶעקוּמֶען, אוּנְד
אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם יַם, אוּנְד
הָאט זֵייא גֶעוָואלְט פֶערְבֵּייא גֵיין:
49 אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
זֶעהֶען אַרוּמְגֵיין אוֹיף דֶעם יַם, הָאבֶּען
זֵייא גֶעדַאכְט עֶס אִיז אַיין רוּחַ, אוּנְד
אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אוֹיסְגֶעשְׁרִיגֶען:
50 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַלֶע גֶע־
זֶעהֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען;

אוּנְד

אוּנְד עֶר הָאט בַּאלְד מִיט זֵייא גֶערֶעט,
אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֵייט גֶער־
טְרֵייסְט, אִיךְ בִּין דָאס, פָארְכְט אֵייךְ נִיט:
51 אוּנְד עֶר אִיז צוּ זֵייא אִין דֶעם
שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען. אוּנְד דֶער וִוינְד
הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט. אוּנְד זֵייא וַוארֶען
אִין זִיךְ זֶעהְר אִיבֶּערְרַאשְׁט אִיבֶּער דֶעם
מָאס, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט:
52 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען
דָאס וְואוּנְדֶער פוּן דֶעם בְּרוֹיט, ווייל
זֵייעֶר הַארְץ וַואר פֶערְהַארְטֶעט:
53 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעפָארֶען
אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּם לַאנְד גְנֵסָרֶת,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּם
בָּארְטֶען:
54 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען פוּן דֶעם שִׁיף
אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט מֶען אִיהְם
בַּאלְד דֶערְקֶענְט:
55 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוּמְגֶעלָאפֶען
אִין דֶעם גַאנְצֶען גֶעבִּיט, אוּנְד הָאבֶּען
אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוּמְצוּטְרָאגֶען אוֹיף דִיא
בֶּעטֶען דִיא וָואס וַוארֶען קְרַאנְק, וְואוּ
אַהִין זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָאס עֶר
וַואר דָארְט:
56 אוּנְד וְוִיא עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
אִין דִיא דֶערְפֶער, אָדֶער שְׁטֶעט, אָדֶער
פֶעלְדֶער, הָאבֶּען זֵייא דִיא קְרַאנְקֶע
אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט אִין דִיא גַאסֶען, אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז זֵייא זָאלֶען
נוּר אָנְרִירֶען דִיא עֶקֶען פוּן זֵיין קְלֵייד.
אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶערִירְט,
זֶענֶען גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען:

## קַאפִּיטֶעל ז

1 אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד עֶטְלִיכֶע
פוּן דִיא סוֹפְרִים, וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען
פוּן יְרוּשָׁלַיִם, הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם
פֶערְזַאמֶעלְט:
2 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז
עֶטְלִיכֶע פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים עֶסֶען בְּרוֹיט
מִיט אוּנְרֵיינֶע, דָאס הֵייסְט אוּנְגֶעוַוא־
שֶׁענֶע הֶענְד, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶער־
בֵּייזֶערְט:
3 וָוארִין דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד אַלֶע יוּדֶען
עֶסֶען נִיט בִּיז זֵייא וַואשֶׁען פִיל מָאל
זֵיירֶע הֶענְד, ווייל זֵייא הַאלְטֶען דִיא
קַבָּלָה פוּן דִיא עֶלְצְטֶע:
4 אוּנְד וֶוען זֵייא קוּמֶען פוּן דֶעם
מַארְק, אַזוֹי עֶסֶען זֵייא נִיט בִּיז זֵייא
וַואשֶׁען זִיךְ. אוּנְד דָא זֶענֶען פִילֶע
אַנְדֶערֶע זַאכֶען וָואס זֵייא הָאבֶּען אָנְ־
גֶענוּמֶען צוּ הַאלְטֶען, דְהַיְינוּ, דָאס
וַואשֶׁען פוּן בֶּעכֶערְס, אוּנְד טֶעפּ, אוּנְד
קוּפֶּערְנֶע כֵּלִים, אוּנְד טִישֶׁען:
5 דֶערְנָאךְ הָאבֶּען אִיהְם דִיא פְּרוּשִׁים
אוּנְד סוֹפְרִים גֶעפְרֶעגְט, וָוארוּם גֵיין
דֵיינֶע תַּלְמִידִים נִיט נָאךְ דֶער תּוֹרָה
שֶׁבַּעַל פֶּה, אוּנְד עֶסֶען בְּרוֹיט מִיט
אוּנְגֶעוַואשֶׁענֶע הֶענְד?
6 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, יְשַׁעְיָה הָאט
רֶעכְט נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט אוֹיף אֵייךְ הֵייכְ־
לֶערְס, וְוִיא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען,
דִיזֶעס פָאלְק הַאלְט מִיךְ עֶהְרְלִיךְ מִיט
דִיא לִיפֶּען, אָבֶּער זֵייעֶר הַארְץ אִיז
דֶערְוַוייטֶערְט פוּן מִיר:
7 אוּנְד אוּמְזוּנְסְט טְהוּן זֵייא זִיךְ פַאר
מִיר פָארְכְטֶען, אוּנְד לֶערְנֶען זָאלְכֶע
לֶעהְרֶען וָואס זֶענֶען נוּר דִיא מִצְוֹת
פוּן מֶענְשֶׁען:
8 וָוארִין אִיהְר הָאט פֶערְלָאזֶען דִיא
מִצְוָה פוּן גָאט, אוּנְד הַאלְט דִיא תַּקָּנוֹת
פוּן מֶענְשֶׁען, וְוִיא דָאס וַואשֶׁען פוּן
טֶעפּ אוּנְד כּוֹסוֹת, אוּנְד דָאס גְלֵייכֶען
טְהוּט אִיהְר פִילֶע אַנְדֶערֶע זַאכֶען:

9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר פֶערְוַוארְפְט אִים גַאנְצֶען דִיא מִצְוָה פוּן גָאט דָאס אִיהְר זָאלְט הַאלְטֶען אֵיירֶע תַּקָנוֹת׃

10 וָוארִין מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט דֵיין פָאטֶער אוּנְד מוּטֶער עֶהְרלִיךְ הַאלְטֶען, אוּנְד וֶוער עֶס פְלוּכְט פָאטֶער אוּנְד מוּטֶער דֶער זָאל גֶעטֵייט וֶוערֶען׃

11 אָבֶּער אִיהְר זָאגְט, וֶוען אֵיין מֶענְשׁ וֶועט זָאגֶען צוּ זֵיין פָאטֶער אָדֶער מוּטֶער, דָאס אִיז אֵיין קָרְבָּן, (דָאס הֵייסְט אֵיין נְדָבָה) וָואס דוּא הָאסְט גֶעוָואלְט פוּן מִיר אֵיין הֲנָאָה הָאבֶּען, אַזוֹי אִיז עֶס אֵיין קָרְבָּן׃

12 אוּנְד אִיהְר לָאזְט אִיהְם גָאר נִיט מֶעהְר טְהוּן פַאר זֵיין פָאטֶער אָדֶער זֵיינֶע מוּטֶער׃

13 אוּנְד אִיהְר פֶערְשְׁטֶערְט דָאס וָוארְט פוּן גָאט דוּרְךְ אֵיירֶע תַּקָנוֹת, וָואס אִיהְר הָאט אִיבֶּערְגֶעעֶנְטפֶּערְט, אוּנְד דָאס גְלֵייכֶען טְהוּט אִיהְר פִּילֶע זַאכֶען׃

14 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען דָאס גַאנְצֶע פָאלְק, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הֶערְט מִיךְ אַלֶע צוּ, אוּנְד פֶערְשְׁטֵייט׃

15 קֵיינֶע זַאךְ פוּן דְרוֹיסֶען וָואס קוּמְט אַרֵיין אִין דֶעם מֶענְשׁ, קֶענֶען אִיהְם נִיט אוּנְרֵיין מַאכֶען, נֵייעֶרְט דִיא זַאכֶען וָואס קוּמֶען אַרוֹיס פוּן דֶעם מֶענְשׁ, דִיא מַאכֶען אִיהְם אוּנְרֵיין׃

16 דֶער וָואס הָאט אוֹירֶען צוּ הֶערֶען, לָאז עֶר הֶערֶען׃

17 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם פָאלְק, אַזוֹי הָאבֶּען אִיהְם זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעפְרֶעגְט וֶועגֶען דֶעם מָשָׁל׃

18 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֵייט אִיהְר אוֹיךְ אַזוֹי אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיג? פֶערְשְׁטֵייט אִיהְר נִיט, דָאס אַלֶעס וָואס קוּמְט פוּן דְרוֹיסֶען אִין אֵיין מֶענְשׁ אַרֵיין קֶען אִיהְם נִיט אוּנְרֵיין מַאכֶען?

19 וָוארִין עֶס קוּמְט נִיט אִין זֵיין הַארְץ אַרֵיין, נֵייעֶרְט אִין בּוֹיךְ אַרֵיין, אוּנְד עֶס גֵייט אַרוֹיס אִין בֵּית הַכִּסֵּא אַרֵיין, וָואס רֵיינִיגְט אַלֶע שְׁפֵּייזֶען׃

20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶעם מֶענְשׁ, דָאס מַאכְט דֶעם מֶענְשׁ אוּנְרֵיין׃

21 וָוארִין פוּן אִינְוֵוייניג, פוּן דֶעם הַארְץ פוּן דֶעם מֶענְשׁ, קוּמֶען אַרוֹיס בֵּייזֶע גֶעדַאנְקֶען, נִיאוּף, זְנוּת, רְצִיחָה׃

22 גְנֵיבָה, גְלִיסְטִיגְקֵייט, רִשְׁעוּת, לִיסְט, יֵצֶר הָרַע, אֵיין בֵּייז אוֹיג, לֶעסְטֶערוּנְג, גַאֲוָה, נַארִישְׁקֵייט׃

23 אַלֶע דִיזֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייטֶען קוּמֶען אַרוֹיס פוּן אִינְוֵוייניג, אוּנְד מַאכֶען דֶעם מֶענְשׁ אוּנְרֵיין׃

24 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא גְרֶענְצֶען פוּן צוֹר אוּנְד צִידוֹן. אוּנְד עֶר אִיז אִין אֵיין הוֹיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט נִיט גֶעוָואלְט אַז קֵיינֶער זָאל פוּן אִיהְם וִויסֶען, אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט פֶערבָּארְגֶען בְּלֵייבֶּען׃

25 וָוארִין אֵיינֶע פְרוֹיא, וָואס אִיהְר טָאכְטֶער הָאט גֶעהַאט אֵיין אוּנְרֵיינֶען גֵייסְט, הָאט פוּן אִיהְם גֶעהֶערְט, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד אִיז אִיהְם צוּ דִיא פִּיס גֶעפַאלֶען׃

26 אוּנְד דִיא פְרוֹיא וַואר אֵיינֶע יְוָנִית פוּן אֲרַם צוֹר. אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל דֶעם שֵׁד אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען אוֹיס אִיהְרֶע טָאכְטֶער׃

27 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
לָאזֶען צוּעֶרְשְׁט דִיא קִינְדֶער זַאט וֶוערֶען.
וָוארִין עֶס אִיז נִיט רֶעכְט דָאס בְּרוֹיט
פוּן דִיא קִינְדֶער אַוֶועקְצוּנֶעמֶען, אוּנְד
עֶס פַאר דִיא הִינְט צוּ וַוארְפֶען:
28 אָבֶּער זִיא הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, יוֹא, הַאר!
אָבֶּער דִיא הִינְט אוּנְטֶער דֶעם טִישׁ
עֶסֶען אוֹיךְ פוּן דִיא קִינְדֶערְס בְּרֶעקְלֶעךְ:
29 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
פוּן דִיזֶען וָוארְט וֶועגֶען גֵייא אַוֶועק.
דֶער שֵׁד אִיז פוּן דֵיינֶע טָאכְטֶער אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען:
30 אוּנְד וֶוען זִיא אִיז אַהֵיים גֶעקוּמֶען,
הָאט זִיא גֶעפוּנֶען אַז דֶער שֵׁד אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא טָאכְטֶער אִיז
גֶעלֶעגֶען אוֹיף דֶעם בֶּעט:
31 אוּנְד עֶר אִיז וִוידֶער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
פוּן דֶער גֶעגֶענְד פוּן צוֹר אוּנְד צִידוֹן,
אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּם יַם פוּן גָלִיל,
דוּרְךְ דִיא גֶעבִּיטֶען פוּן דֶעכַאפּוֹלִיס:
32 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
בְּרַאכְט אֵיין טוֹיבֶּען וָואס וַואר אוֹיךְ
שְׁטוּם אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז
עֶר זָאל דִיא הַאנְד אוֹיף אִיהְם לֵייגֶען:
33 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַוֶועקְגֶענוּמֶען
פוּן דֶעם פָאלְק אָן דֶער זֵייט, אוּנְד
הָאט דִיא פִינְגֶער אִין זֵיינֶע אוֹירֶען
אַרֵיינְגֶעלֵייגְט, אוּנְד הָאט גֶעשְׁפִּיגֶען,
אוּנְד הָאט זֵיינֶע צוּנְג אָנְגֶערִירְט:
34 אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיפְגֶעזֶעהֶען צוּם
הִימֶעל, אוּנְד הָאט גֶעזִיפְצְט, אוּנְד הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אֶתְפַּתַּח, וָואס הֵייסְט,
עֶפֶען דִיךְ אוֹיף:
35 אוּנְד זֵיינֶע אוֹירֶען הָאבֶּען זִיךְ
בַּאלְד אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּנְד דָאס בַּאנְד
פוּן זֵיינֶע צוּנְג אִיז לוֹיז גֶעוָוארֶען אוּנְד
עֶר הָאט רִיכְטִיג גֶעשְׁפְּרָאכֶען:
36 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פֶערְבָּאטֶען
דָאס זֵייא זָאלֶען עֶס קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען,
אָבֶּער וָואס מֶעהְר עֶר הָאט זֵייא פֶערְ־
בָּאטֶען, הָאבֶּען זֵייא עֶס נָאךְ מֶעהְר
אוֹיסְגֶעבְּרֵייט:
37 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְ־
דֶערְט אִיבֶּער דֶעם מָאס, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, עֶר טְהוּט אַלֶע זַאכֶען גוּט,
אוּנְד עֶר מַאכְט דִיא טוֹיבֶּע הֶערֶען
אוּנְד דִיא שְׁטוּמֶע רֶעדֶען:

קאפיטעל ח

1 צוּ דִיזֶער צֵייט וֶוען דָאס פָאלְק
וַואר זֶעהְר גְרוֹיס אוּנְד הָאבֶּען גָאר
נִישְׁט גֶעהַאט צוּ עֶסֶען, אַזוֹי הָאט
יֵשׁוּעַ גֶערוּפֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט:
2 אִיךְ הָאבּ רַחֲמָנוּת אִיבֶּער דֶעם
פָאלְק, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין
דְרֵייא טֶעג מִיט מִיר פֶערְוֵוײלְט, אוּנְד
הָאבֶּען נִיט וָואס צוּ עֶסֶען:
3 אוּנְד וֶוען אִיךְ וֶועל זֵייא נִיכְטֶערְנְר
הֵייט אַהֵיים שִׁיקֶען, וֶועלֶען זֵייא פֶערְ־
שְׁמַאכְט וֶוערֶען אוֹיף דֶעם וֶועג. וָוארִין
עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא קוּמֶען פוּן וַוייט
אַהֶער:
4 אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם
גֶעעֶנְטפֶערְט, וִויא אַזוֹי קֶען מֶען דִיזֶע
מִיט בְּרוֹיט זֶעטִיגֶען הִיר אִין דֶער
וִויסְטֶענִיס?
5 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעפְרֶעגְט, וִויא
פִיל בְּרוֹיט הָאט אִיהְר? אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זִיבֶּען:
6 אוּנְד עֶר הָאט דָאס פָאלְק גֶע־
הֵייסֶען אוֹיף דֶער עֶרְד זִיךְ אַנִידֶערְ־
זֶעצֶען, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען דִיא זִיבֶּען
בְּרוֹיט, אוּנְד הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט,


אונד

אוּנְד הָאט עֶס צֶערְבְּרָאכֶען, אוּנְד הָאט
עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים, דָאס
זַייא זָאלֶען עֶס פַאר זַייא פָּארְלֵייגֶען.
אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס פַאר דֶעם פָּאלְק
פָּארְגֶעלֵייגְט :
7 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעהַאט עֶטְלִיכֶע
קְלֵיינֶע פִישְׁלֶעךְ. אַזוֹי הָאט עֶר דְרִיבֶּער
בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט זַייא דָאס
אוֹיךְ גֶעהֵייסֶען פָּארְלֵייגֶען :
8 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד
זֶענֶען זַאט גֶעוָוארֶען. אוּנְד הָאבֶּען
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען פוּן דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע
בְּרֶעקְלֶעךְ זִיבֶּען קֶערְבּ :
9 אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען
וַוארֶען אֵיין עֶרֶךְ פוּן פִיר טוֹיזֶענְד.
אוּנְד עֶר הָאט זַייא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט :
10 אוּנְד עֶר אִיז בַּאלְד אִין אֵיין שִׁיף
אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים,
אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶער גֶעגֶענְד פוּן
דַלְמָנוּתָא :
11 אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען אַרוֹיס־
גֶעגַאנְגֶען. אוּנְד הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען
מִיט אִיהְם אֵיין וִיכּוּחַ צוּ הָאבֶּען, אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְּרוּפְט, אוּנְד הָאבֶּען
פוּן אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אֵיין צֵייכֶען פוּם
הִימֶעל :
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזִיפְצְט אִין זַיין
גֶעמִיט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וָוארוּם
זוּכְט דִיזֶעס גֶעשְׁלֶעכְט אֵיין צֵייכֶען ?
פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס וֶועט צוּ
דִיזֶען גֶעשְׁלֶעכְט קֵיין צֵייכֶען נִיט גֶע־
גֶעבֶּען וֶוערֶען :
13 אוּנְד עֶר הָאט זַייא פֶּערְלָאזְט,
אוּנְד אִיז וִוידֶער אִין דֶעם שִׁיף אַרֵיינְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער
זַייט אַרִיבֶּערְגֶעקוּמֶען :
14 אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען פֶּערְ־
גֶעסֶען בְּרוֹיט מִיטְצוּנֶעמֶען, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען נִיט מֶעהְר מִיט זִיךְ גֶעהַאט אִין
דֶעם שִׁיף וִויא אֵיין בְּרוֹיט :
15 אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעבָּאטֶען אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, נֶעמְט אֵייךְ אִין אַכְט
אוּנְד הִיט אֵייךְ פַאר דֶעם חָמֵץ פוּן
דִיא פְּרוּשִׁים, אוּנְד פַאר דֶעם חָמֵץ פוּן
הוֹרְדוּס :
16 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צְוִוישֶׁען זִיךְ גֶער
רֶעט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז
וֵוייל מִיר הָאבֶּען נִיט קֵיין בְּרוֹיט :
17 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעוְואוּסְט,
אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם
זָאגְט אִיהְר, דָאס אִיהְר הָאט נִיט קֵיין
בְּרוֹיט ? פֶערְנֶעמְט אִיהְר נָאךְ נִיט, אוּנְד
פֶערְשְׁטֵייט אִיהְר דָאס נִיט ? הָאט אִיהְר
נָאךְ אֵיין פֶערְשְׁטָאקְטֶעס הַארְץ אִין אֵייךְ ?
18 אִיהְר הָאט אוֹיגֶען אוּנְד זֶעהְט נִיט ?
אוּנְד אִיהְר הָאט אוֹירֶען אוּנְד הֶערְט
נִיט ? אוּנְד אִיהְר גֶעדֶענְקְט נִיט :
19 וֶוען אִיךְ הָאבּ צֶערְבְּרָאכֶען דִיא
פִינְף בְּרוֹיט פַאר פִינְף טוֹיזֶענְד, וִויא
פִיל קֶערְבּ פוּל מִיט בְּרֶעקְלֶעךְ הָאט
אִיהְר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען ? אוּנְד זַייא הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, צְוֶועלְף :
20 אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ צֶערְבְּרָאכֶען
דִיא זִיבֶּען פַאר פִיר טוֹיזֶענְד, וִויא פִיל
קֶערְבּ פוּל מִיט בְּרֶעקְלֶעךְ הָאט אִיהְר
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען ? אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶע־
זָאגְט, זִיבֶּען :
21 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
וִויא אַזוֹי פֶערְשְׁטֵייט אִיהְר דֶען נָאךְ נִיט ?
22 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ בֵּית
צַיְדָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
בְּרַאכְט אֵיין בְּלִינְדֶען, אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל אִיהְם אָנְ־
רִירֶען :

אוּנד

23 אוּנְד עֶר הָאט דֶעם בְּלִינְדֶען אָנְגֶענוּמֶען בַּייא דֶער הַאנְד, הָאט אִיהְם אַרויסְגֶעפִירְט אוֹיס דֶער שְׁטָאט, אוּנְד הָאט גֶעשְׁפִּיגֶען אִין זַיינֶע אוֹיגֶען אַרַיין, אוּנְד הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֵייגְט, עֶר הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוֹיבּ עֶר זֶעהְט עֶטְוָואס׃

24 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ זֶעהֶע מֶענְשֶׁען אַזוֹי וִויא בֵּיימֶער אַרוּמְגֵיין׃

25 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר ווִידֶער דִיא הֶענְד אוֹיף זַיינֶע אוֹיגֶען גֶעלֵייגְט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעהֵייסֶען אַרוֹיפְזֶעהֶען; אַזוֹי אִיז עֶר צוּ זִיךְ גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט אַלֶע מֶענְשֶׁען קְלָאר גֶעזֶעהֶען׃

26 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַהֵיים גֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט אַרַיינְקוּמֶען אִין דִיא שְׁטָאט אוּנְד זָאלְסְט עֶס פַאר קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען אִין דִיא שְׁטָאט׃

27 אוּנְד יֵשׁוּעַ אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא דֶערְפֶער פוּן קֵסַרְיָא פוּן פִילִיפּוֹס. אוּנְד עֶר הָאט זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעפְרֶעגְט אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶוער זָאגֶען דִיא לֵייט דָאס אִיךְ בִּין?

28 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטפֶערְט, יוֹחָנָן דֶער מְטַבֵּל, אָבֶּער אַנְדֶערֶע זָאגֶען, אֵלִיָּהוּ. אוּנְד ווִידֶער אַנְדֶערֶע, אֵיינֶער פוּן דִיא נְבִיאִים׃

29 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶוער זָאגְט אִיהְר דָאס אִיךְ בִּין? אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ׃

30 אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעבָּאטֶען דָאס זַייא זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען פוּן אִיהְם׃

31 אוּנְד עֶר הָאט זַייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לֶעהְרֶען, דָאס דֶער בֶּן־אָדָם מוּז פִיל לֵיידֶען, אוּנְד פֶערְוָוארְפֶען וֶוערֶען פוּן דִיא עֶלְצְטֶע, אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹהֲנִים אוּנְד דִיא סוֹפְרִים, אוּנְד אוּמְגֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען. אוּנְד וֶועט ווִידֶער אוֹיפְשְׁטֵיין נָאךְ דְרֵייא טֶעג׃

32 אוּנְד עֶר הָאט דִיא זַאךְ עֶפֶענְטְלִיךְ גֶעזָאגְט. אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָנְצוּשְׁרֵייֶען׃

33 אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט. אוּנְד הָאט זַיינֶע תַּלְמִידִים אָנְגֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט פֶּעטְרוֹס אָנְגֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא אַוֶועק פוּן מִיר, דוּא שָׂטָן, ווָארִין דוּא פֶערְשְׁטֵייסְט דִיךְ נִיט אוֹיף גָאטְס זַאכֶען, גֵייעֶרְט אוֹיף דִיא זַאכֶען פוּן מֶענְשֶׁען׃

34 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס פָאלְק אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען, הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט. וֶוער עֶס ווִיל מִיר נָאךְ קוּמֶען, דֶער לָאז זִיךְ אַלֵיין פֶערְלֵייקֶענֶען, אוּנְד לָאז עֶר אוֹיפְנֶעמֶען זַיין קְרֵייץ אוּנְד מִיר נָאכְפָאלְגֶען׃

35 ווָארִין וֶוער עֶס ווִיל זַיין לֶעבֶּען מַצִּיל זַיין, דֶער וֶועט עֶס פֶערְלִירֶען. אָבֶּער דֶער ווָאס וֶועט זַיין לֶעבֶּען פֶערְלִירֶען פוּן מֵיינֶעט וֶועגֶען אוּנְד וֶועגֶען דֶעם עֶוַואנְגֶעלְיוֹם, דֶער וֶועט עֶס מַצִּיל זַיין׃

36 ווָארִין, ווָאס וֶועט עֶס אֵיין מֶענְשׁ הֶעלְפֶען וֶוען עֶר וֶועט גֶעווִינֶען דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, אוּנְד וֶועט זַיין לֶעבֶּען פֶערְלִירֶען׃

37 אָדֶער ווָאס וֶועט אֵיין מֶענְשׁ גֶעבֶּען כְּדֵי זַיין לֶעבֶּען אוֹיסְצוּלֵייזֶען׃

38 דְרוּם וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ שֶׁעהְמֶען

מיט

מִיט מִיר אוּנְד מִיט מֵיינֶע רֵייד אִין
דִיזֶען אוּנְקֵיישֶׁענְדֶען אוּנְד זִינְדִיגֶען
גֶעשְׁלֶעכְט, אַזוֹי וֶועט זִיךְ דֶער בֶּן־אָדָם
מִיט אִיהְם אוֹיךְ שֶׁעהְמֶען, וֶוען עֶר וֶועט
קוֹמֶען אִין דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן זֵיין
פָאטֶער מִיט דִיא הֵיילִיגֶע מַלְאָכִים:

## קאפיטעל ט

1 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ, דָא זֶענֶען
עֶטְלִיכֶע וָואס שְׁטֵייעֶן הִיר, וָואס וֶועלֶען
נִיט פֶערְזוּכֶען דֶעם טוֹיט, בִּיז זֵייא
וֶועלֶען זֶעהֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט
קוּמֶען מִיט מַאכְט:
2 אוּנְד נָאךְ זֶעקְס טֶעג הָאט יֵשׁוּעַ
גֶענוּמֶען פֶּעטְרוּס אוּנְד יַעֲקֹב אוּנְד
יוֹחָנָן, אוּנְד הָאט זֵייא אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט
אוֹיף אֵיין הוֹיכֶען בַּארְג בֵּייא זִיךְ
וֶועלְבְּסְט. אוּנְד זֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט הָאט
זִיךְ פֶערְעֶנְדֶערְט פָאר זֵייא:
3 אוּנְד זֵיינֶע קְלֵיידֶער הָאבֶּען גֶעשֵׁיינְט
אוּנְד וַוארֶען זֶעהְר וֵויים וִויא שְׁנֵייא, אַז
קֵיין וֶועשֶׁער אוֹיף דֶער עֶרְד הָאט זֵייא
נִיט גֶעקֶענְט אַזוֹי וֵויים מַאכֶען:
4 אוּנְד אֵלִיָהוּ מִיט מֹשֶׁה הָאבֶּען זִיךְ
צוּ זֵייא בֶּעווִיזֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶערֶעט
מִיט יֵשׁוּעַ:
5 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ, רַבִּי, עֶס
אִיז גוּט פַאר אוּנְס הִיר צוּ זֵיין. אוּנְד
לָאזֶען מִיר מַאכֶען דְרֵייא גֶעצֶעלְטֶען,
אֵיינְס פַאר דִיר, אוּנְד אֵיינְס פַאר מֹשֶׁה,
אוּנְד אֵיינְס פַאר אֵלִיָהוּ:
6 וָוארִין עֶר הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וָואס
עֶר זָאל זָאגֶען. וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
דֶערְשְׁרָאקֶען:
7 אוּנְד דָא וַואר אֵיין וָואלְקֶען וָואס
הָאט זֵייא בֶּעדֶעקְט, אוּנְד אֵיין קוֹל
אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם וָואלְקֶען
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז מֵיין
גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן, אִיהְם זָאלְט אִיהְר
הֶערֶען:
8 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פְּלִיצְלִינְג
אוּמְגֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא קֵיינֶעם
נִיט מֶעהְר גֶעזֶעהֶען, נֵייעֶרְט יֵשׁוּעַ
אַלֵיין מִיט זֵייא:
9 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען פוּן דֶעם בַּארְג
אַרוּפְּגֶענַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא
פֶערְבָּאטֶען אַז זֵייא זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט
דֶערְצֵיילֶען וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען,
בִּיז דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט פוּן דִיא טוֹיטֶען
אוֹיפְשְׁטֵיין:
10 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָאס וָוארְט בֵּייא
זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען, אוּנְד הָאבֶּען אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעפְרֶעגְט, וָואס מֵיינְט
דָאס אוֹיפְשְׁטֵיין פוּן דִיא טוֹיטֶען:
11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָוארִין זָאגֶען דִיא
פְּרוּשִׁים אַז אֵלִיָהוּ מוּס פְרִיהֶער קוּמֶען?
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אֵלִיָהוּ קוּמְט
אוֹיךְ פְרִיהֶער, אוּנְד טְהוּט אַלֶעס צוּ־
רֶעכְט שְׁטֶעלֶען. אוּנְד וִויא עֶס שְׁטֵייט
גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף דֶעם בֶּן־אָדָם, אַז עֶר
מוּס פִיל לֵיידֶען, אוּנְד פֶערְאַכְטֶעט
וֶוערֶען:
13 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז אֵלִיָהוּ
אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן וָואס זֵייא הָאבֶּען
גֶעוָואלְט, אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען
אוֹיף אִיהְם:
14 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא
תַּלְמִידִים, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען אֵיין גְרוֹיס
פָאלְק אַרוּם זֵייא, אוּנְד דִיא סוֹפְרִים
הָאבֶּען מִיט זֵייא אֵיין וִויכּוּחַ גֶעהַאט:

אונד

15 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק, וִויא זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ
פֶערְוְואוּנְדֶערְט, אוּנְד זֶענֶען צוּגֶעלָאפֶען
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעגְרִיסְט׃
16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעפְרֶעגְט דִיא
סוֹפְרִים, אִיבֶּער וָואס זֵייט אִיהְר אֵייךְ
מִיט זֵייא מְפַלְפֵּל?
17 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דֶעם פָאלְק הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, רַבִּי,
אִיךְ הָאבּ מֵיין זוּהְן צוּ דִיר גֶעבְּרַאכְט,
וָואס הָאט אֵיין שְׁטוּמֶען רוּחַ׃
18 אוּנְד וִויא אַהִין עֶר נֶעמְט אִיהְם,
אַזוֹי צֶערְרֵייסְט עֶר אִיהְם; אוּנְד עֶר
שׁוּימְט, אוּנְד עֶר קְרִיצְט מִיט דִיא צֵיין,
אוּנְד וֶוערְט פֶערְדַארְט. אוּנְד אִיךְ הָאבּ
צוּ דֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט אַז זֵייא
זָאלֶען אִיהְם אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט׃
19 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אוֹי אִיהְר אוּמְ־
גְלוֹיבִּיגֶעס גֶעבּוּרְט, וִויא לַאנְג וֶועל אִיךְ
בֵּייא אֵייךְ זֵיין? וִויא לַאנְג וֶועל אִיךְ
אֵייךְ לֵיידֶען? בְּרֶענְגְט אִיהְם אַהֶער צוּ
מִיר׃
20 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם צוּ אִיהְם
גֶעבְּרַאכְט. אוּנְד וִויא עֶר הָאט אִיהְם
גֶעזֶעהֶען, הָאט אִיהְם דֶער רוּחַ בַּאלְד
גֶערִיסֶען; אוּנְד עֶר אִיז צוּ דֶער עֶרְד
גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעוַואלְגֶערְט,
אוּנְד הָאט גֶעשׁוּימְט׃
21 אוּנְד עֶר הָאט זֵיין פָאטֶער גֶע־
פְרֶעגְט, וִויא לַאנְג אִיז עֶס זֵייט דָאס
אִיז אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען? אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, פוּן קִינְדְהֵייט אָן׃
22 אוּנְד אָפְט וַוארְפְט עֶר אִיהְם אִים
פֵייעֶר אַרֵיין אוּנְד אִים וַואסֶער אַרֵיין,
דָאס עֶר זָאל אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען, אָבֶּער
וֶוען דוּא קֶענְסְט עֶטְוַואס טְהוּן, אַזוֹי
הֶעלְף אוּנְס, אוּנְד דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער
אוּנְס׃
23 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, וֶוען דוּא קֶענְסְט גְלוֹיבֶּען, אַלֶע
זַאכֶען זֶענֶען מֶעגְלִיךְ צוּ דֶעם וָואס
גְלוֹיבְּט׃
24 אוּנְד דֶער פָאטֶער פוּן דֶעם קִינְד
הָאט בַּאלְד גֶעשְׁרִיגֶען, אוּנְד הָאט גֶע־
זָאגְט מִיט טְרֶערֶען, אִיךְ גְלוֹיבּ, הַאר,
הֶעלְף מֵיינֶע אוּנְגְלוֹיבִּיגְקֵייט׃
25 אוּנְד וִויא יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען אַז
דָאס פָאלְק אִיז זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעלָאפֶען
אַזוֹי הָאט עֶר דֶעם אוּנְרֵיינֶען גֵייסְט
אָנְגֶעשְׁרִיגֶען, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, דוּא שְׁטוּמֶער אוּנְד טוֹיבֶּער
גֵייסְט, אִיךְ בֶּעפֶעהְל דִיר, גֵייא אַרוֹיס
פוּן אִיהְם, אוּנְד קוּם נִיט מֶעהְר אִין
אִיהְם אַרֵיין׃
26 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד
הָאט אִיהְם זֶעהְר גֶערִיסֶען, אוּנְד אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. אוּנְד עֶר וַואר אַזוֹי
וִויא אֵיין טוֹיטֶער, אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, עֶר אִיז טוֹיט׃
27 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען
בֵּייא דֶער הַאנְד, אוּנְד הָאט אִיהְם
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען׃
28 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אַהֵיים גֶעקוּמֶען,
הָאבֶּען אִיהְם זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעפְרֶעגְט
שְׁטִילֶערְהֵייט, וָוארוּם הָאבֶּען מִיר אִיהְם
נִיט גֶעקֶענְט אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען?
29 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אַזוֹי אַ מִין קֶען אַנְדֶערְשְׁט נִיט אַרוֹיס־
גֵיין, נֵייעֶרְט דוּרְךְ תְּפִלָּה אוּנְד פַאסְטֶען׃
30 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען פוּן דָארְטֶען
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען זֵייא דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען

דורךְ גָלִיל, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט
אַז אִימִיצֶער זָאל פוּן אִיהְם ווִיסֶען:
31 אוּנְד עֶר הָאט זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶע־
לֶעהְרְט אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט
וֶוערֶען אִין דִיא הֶענְד פוּן מֶענְשֶׁען
אַרֵיין, אוּנְד זַייא וֶועלֶען אִיהְם אוּמְ־
בְּרֶענְגֶען, אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט אוּמְגֶע־
בְּרַאכְט וֶוערֶען, אַזוֹי וֶועט עֶר אוֹיפְשְׁטֵיין
דֶעם דְרִיטֶען טָאג:
32 אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָאס וָוארְט נִיט
פֶערְשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶע־
פָארְכְטֶען אִיהְם צוּ פְרֶעגֶען:
33 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ כְּפַר־
נָחוּם. אוּנְד וֶוען עֶר וַואר צוּ הוֹיז, אַזוֹי
הָאט עֶר זַייא גֶעפְרֶעגְט, וָואס אִיז דָאס
וָואס אִיהְר הָאט צְווִישֶׁען אֵייךְ גֶערֶעט
אוֹיף דֶעם וֶועג?
34 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁווִיגֶען. וָוארִין
זַייא הָאבֶּען זִיךְ מִיטְאֵיינַאנְדֶער גֶעקְרִיגְט
וֶוער עֶס זָאל זַיין דֶער גְרֶעסְטֶער:
35 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט,
אוּנְד הָאט גֶערוּפֶען דִיא צְוֶועלְף, אוּנְד
הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶוען אֵיינֶער וִויל
זַיין דֶער עֶרְשְׁטֶער, דֶער וֶועט זַיין דֶער
לֶעצְטֶער פוּן אַלֶע, אוּנְד דֶער בֶּעדִינְטֶער
פוּן אַלֶע:
36 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען אַ קִינְד
אוּנְד הָאט עֶס צְווִישֶׁען זַייא אַנִידֶער־
גֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט עֶס אוֹיף
דֶעם אָרֶעם גֶענוּמֶען, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ
זַייא גֶעזָאגְט:
37 וֶוער עֶס וֶועט אֵיינֶס פוּן זָאלְכֶע
קִינְדֶער אוֹיפְנֶעמֶען אִין מֵיין נָאמֶען
דֶער נֶעמְט מִיךְ אוֹיף. אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט
מִיךְ אוֹיפְנֶעמֶען, דֶער נֶעמְט נִיט מִיךְ אוֹיף,
נַייעֶרְט דֶעם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט:
38 אוּנְד יוֹחָנָן הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, רַבִּי, ווִיר
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אֵיינֶעם וָואס טְרֵייבְּט
אַרוֹיס שֵׁדִים אִין דֵיין נָאמֶען, אָבֶּער
עֶר פָאלְגְט אוּנְס נִיט נָאךְ. אוּנְד ווִיר
הָאבֶּען אִיהְם פֶערְבָּאטֶען, ווייל עֶר טְהוּט
אוּנְס נִיט נָאכְפָאלְגֶען:
39 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, פֶערְ־
בִּיטְ אִיהְם נִיט, וָוארִין עֶס אִיז קֵיינֶער
נִיט פֶערְהַאנְדֶען וָואס וֶועט טְהוּן אֵיין
וְואוּנְדֶער אִין מֵיין נָאמֶען, אוּנְד וֶועט
קֶענֶען שְׁלֶעכְטֶעס רֶעדֶען אוֹיף מִיר:
40 וָוארִין דֶער וָואס אִיז נִיט קֶעגֶען
אוּנְס, דֶער אִיז אָן אוּנְזֶערֶע זַייט:
41 אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט אֵייךְ גֶעבֶּען
צוּ טְרִינְקֶען אַ בֶּעכֶער וַואסֶער אִין מֵיין
נָאמֶען, ווייל אִיהְר גֶעהֶערְט צוּ מָשִׁיחַ,
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶר וֶועט זַיין
שָׂכָר נִיט פֶערְלִירֶען:
42 אוּנְד דֶער וָואס וֶועט מַאכֶען
שְׁטְרוֹיכְלֶען אֵיינֶעם פוּן דִיא קְלֵיינֶע
וָואס גְלוֹיבֶּען אִין מִיר, אַזוֹי וֶוערֶע עֶס
בֶּעסֶער פַאר אִיהְם, וֶוען אֵיין מִיהְלְשְׁטֵיין
וֶוערֶע אַרוּם זַיין הַאלְז גֶעהָאנְגֶען, אוּנְד
עֶר וֶוערֶע אִים יַם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען:
43 אוּנְד וֶוען דֵיינֶע הַאנְד מַאכְט דִיךְ
שְׁטְרוֹיכְלֶען, הַאק זִיא אָפּ; עֶס אִיז
בֶּעסֶער פַאר דִיר, אַז דוּא זָאלְסְט אַרֵיין
גֵיין אִים לֶעבֶּען אֶלְס קְרִיפֶּעל, אֵיידֶער
דוּא זָאלְסְט הָאבֶּען בֵּיידֶע הֶענְד, אוּנְד
זָאלְסְט אַוֶועקְגֵיין אִין גֵיהִנָּם אַרֵיין, צוּם
פַייעֶר וָואס וֶועט נִיט פֶערְלָאשֶׁען:
44 אַוְואוּ זַייעֶר וָוארְם שְׁטַארְבְּט נִיט,
אוּנְד דָאס פַייעֶר וֶוערְט נִיט פֶערְלָאשֶׁען:
45 אוּנְד וֶוען דֵיין פוּס מַאכְט דִיךְ
שְׁטְרוֹיכְלֶען, הַאק אִיהְם אָפּ, עֶס אִיז
בֶּעסֶער פַאר דִיר, אַז דוּא זָאלְסְט

אריינקומען

אַרײַנקוּמֶען צוּם לֶעבֶּען הִינקֶענְדִיג,
אֵיידֶער דוּא זָאלְסְט הָאבֶּען בֵּיידֶע פִּיס
אוּנְד זָאלְסְט אִין גֵיהִנָם אַרײַנגֶעוָוארְפֶען
װערֶען, צוּם פֵּייעֶר וָואס װערְט נִיט
פֶערְלָאשֶׁען:
46 אַזְוָאוּ זֵייעֶר וָוארְם שְׁטַארְבְּט נִיט
אוּנְד דָאס פֵּייעֶר װערְט נִיט פֶערְ־
לָאשֶׁען:
47 אוּנְד װען דַיין אוֹיג מַאכְט דִיךְ
שְׁטְרוֹיכְלֶען, רֵייס עֶס אַרוֹיס. עֶס אִיז
בֶּעסֶער פַאר דִיר, אַז דוּא זָאלְסְט
אַרײַנקוּמֶען אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט מִיט אֵיין אוֹיג, אֵיידֶער דוּא זָאלְסְט
הָאבֶּען בֵּיידֶע אוֹיגֶען, אוּנְד זָאלְסְט
אִין פֵּייעֶר פוּן גֵיהִנָם אַרײַנגֶעוָוארְפֶען
װערֶען:
48 אַזְוָאוּ זֵייעֶר וָוארְם שְׁטַארְבְּט נִיט,
אוּנְד דָאס פֵּייעֶר װערְט נִיט פֶערְלָאשֶׁען:
49 וָוארִין אִיטְלִיכֶער װעט גֶעזַאלְצֶען
װערֶען מִיט פֵּייעֶר, אוּנְד אִיטְלִיכֶעס
קָרְבָּן װעט גֶעזַאלְצֶען װערֶען מִיט
זַאלְץ:
50 זַאלְץ אִיז גוּט. אָבֶּער װען דָאס
זַאלְץ פֶערְלִירְט דֶעם טַעַם, מִיט וָואס
װעט אִיהְר עֶס זַאלְצֶען? הָאט זַאלְץ
אִין אֵייךְ, אוּנְד הָאט שָׁלוֹם אוּנְטֶער
אֵיינְאַנְדֶער:

## קאפיטעל י

1 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
אִיז פוּן דָארְטֶען אַװעקְגֶעגַאנְגֶען צוּ
דֶער גֶעגֶענְד פוּן יְהוּדָה, פוּן דֶער אַנְ־
דֶערֶער זַייט פוּן יַרְדֵן, אוּנְד אֵיין פָאלְק
הָאט זִיךְ װידֶער צוּ אִיהְם אֵיינְגֶע־
זַאמֶעלְט, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא װידֶער
גֶעלֶעהְרְט, אַזוֹי װיא זֵיינֶע גֶעװאוֹינְהַייט
װאר:
2 אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט,
אוֹיבּ עֶס אִיז דֶערְלוֹיבְּט אַז אֵיין מַאן
זָאל זַיין װייבּ מְגָרֵשׁ זַיין:
3 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, וָואס הָאט אֵייךְ מֹשֶׁה
גֶעבָּאטֶען?
4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מֹשֶׁה
הָאט דֶערְלוֹיבְּט אַז מֶען זָאל שְׁרֵייבֶּען
אֵיין גֵט אוּנְד מֶען זָאל זִיא מְגָרֵשׁ זַיין:
5 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, װעגֶען אֵיירֶע
הַארְטֶע הֶערְצֶער הָאט עֶר אֵייךְ דִיזֶעס
גֶעבָּאט גֶעשְׁרִיבֶּען:
6 אָבֶּער פוּן דֶעם אָנְפַאנְג הָאט זֵייא
גָאט בֶּעשַׁאפֶען זָכָר אוּנְד נְקֵבָה:
7 דְרוּם זָאל אֵיין מֶענְשׁ פֶערְלָאזֶען
זַיין פָאטֶער אוּנְד מוּטֶער, אוּנְד זָאל
זִיךְ בֶּעהֶעפְטֶען אָן זַיין װייבּ:
8 אוּנְד זֵייא בֵּיידֶע זָאלֶען זַיין צוּ אֵיין
פְלֵיישׁ. אַזוֹי זֶענֶען זֵייא נִיט מֶעהְר
צְװייא, נֵייעֶרְט אֵיין פְלֵיישׁ:
9 דְרוּם וָואס גָאט הָאט פֶערְאֵיינִיגְט,
דָאס זָאל קֵיין מֶענְשׁ נִיט צוּשֵׁיידֶען:
10 אוּנְד אִין דֶער הֵיים הָאבֶּען אִיהְם
זֵיינֶע תַּלְמִידִים װידֶער גֶעפְרֶעגְט װעגֶען
דִיזֶער זַאךְ:
11 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
װער עֶס װעט זַיין װייבּ מְגָרֵשׁ זַיין
אוּנְד װעט אֵיינֶע אַנְדֶערֶע גֶענֶעמֶען, אַזוֹי
טְהוּט עֶר זִיא מַאבֶּען אוּמְקֵיישֶׁען:
12 אוּנְד װען אֵיין װייבּ װעט אִיהְר
מַאן פֶערְלָאזֶען, אוּנְד װעט מִיט אֵיין
אַנְדֶערֶען חֲתוּנָה הָאבֶּען, אַזוֹי טְהוּט
זִיא אוּמְקֵיישֶׁען:
13 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
בְּרַאכְט קִינְדֶער, אַז עֶר זָאל זֵייא אָנְ־
רִירֶען. אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען

זיך

זִיךְ גֶעבִּיינֶערְט אוֹיף דִיא וָואס הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּרַאכְט:

14 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶס אִיהְם פֶּערְדְרָאסֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, לָאזְט דִיא קִינְדֶער צוּ מִיר קוּמֶען, אוּנְד פֶערְבִּיט זֵייא נִיט. וָוארִין פוּן זָאלְכֶע אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט:

15 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוער עֶס וֶועט נִיט אָנְנֶעמֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט וִויא אֵיין קִינְד, דֶער וֶועט נִיט דְרִינֶען אַרֵיינְקוּמֶען:

16 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אוֹיף דֶעם אָרֶעם גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף זֵייא גֶעלֵייגְט, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעבֶּענְשְׁט:

17 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אִין וֶועג אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אִיז אִיהְם אֵיינֶער אַנְטְקֶעגֶען גֶעלוֹיפֶען אוּנְד הָאט פָאר אִיהְם אַנִידֶער גֶעקְנִיעֶט, אוּנְד הָאט גֶעפְרֶעגְט, גוּטֶער רַבִּי, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן דָאס אִיךְ זָאל יַרְשֶׁנֶען דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען?

18 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָוארוּם רוּפְסְט דוּא מִיךְ גוּטֶער? קֵיינֶער אִיז גוּט, נֵייעֶרְט אֵיינֶער, דָאס אִיז גָאט:

19 דוּא קֶענְסְט דִיא גֶעבָּאטֶע, דוּא זָאלְסְט נִיט אוּמְקֵיישֶׁען, דוּא זָאלְסְט נִיט מָארְדֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט גַנְבֶנֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט פַאלְשׁ עֵדוּת זָאגֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט בֶּעטְרִיגֶען, הַאלְט עֶהְרְלִיךְ דֵיין פָאטֶער אוּנְד מוּטֶער:

20 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, דִיזֶעס אַלֶעס הָאבּ אִיךְ גֶעהַאלְטֶען פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד אָן:

21 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם אָנְגֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעלִיבְּט, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אֵיין זַאךְ פֶעלְט דִיר, גֵייא אוּנְד פֶערְקוֹיף אַלֶעס וָואס דוּא הָאסְט, אוּנְד גִיבּ עֶס צוּ דִיא אָרֶעמֶע, אוּנְד דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אֵיין אוֹצָר אִים הִימֶעל. אוּנְד קוּם, נֶעם דֵיין קְרֵייץ, אוּנְד פָאלְג מִיר נָאךְ:

22 אוּנְד עֶר וַואר טְרוֹירִיג אִיבֶּער דִיזֶען וָוארְט, אוּנְד אִיז בֶּעטְרִיבְּט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, וָוארִין עֶר הָאט גֶעהַאט פִיל פֶערְמֶעגֶען:

23 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, וִויא שְׁוֶוער וֶועלֶען דִיא וָואס הָאבֶּען רֵייכְטוּם אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אַרֵיינְקוּמֶען:

24 אָבֶּער דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער זֵיינֶע רֵייד. אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט ווִידֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, קִינְדֶער, וִויא שְׁוֶוער אִיז עֶס פַאר דִיא וָואס פַארְזִיכֶערְן זִיךְ אָן רֵייכְטוּם אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אַרֵיינְצוּקוּמֶען:

25 עֶס אִיז גְרִינְגֶער פַאר אֵיין קֶעמֶעל דוּרְךְ דֶעם אוֹיג פוּן אֵיינֶע נָאדֶעל דוּרְכְצוּגֵיין, וִויא פַאר אֵיין רֵייכֶען אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אַרֵיינְצוּקוּמֶען:

26 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ מֶעהְר פֶערְוְואוּנְדֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט, וֶוער קֶען דֶען נִיצוֹל וֶוערֶען?

27 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא אַנְגֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, בֵּייא מֶענְשֶׁען אִיז דָאס אוּנְמֶעגְלִיךְ, אָבֶּער נִיט בֵּייא גָאט; וָוארִין אַלֶעס אִיז מֶעגְלִיךְ בֵּייא גָאט:

28 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ אִיהְם צוּ זָאגֶען, זֶעה, מִיר הָאבֶּען אַלֶעס פֶערְלָאזֶען, אוּנְד הָאבֶּען דִיר נָאכְגֶעפָאלְגְט:

אוּנְד

29 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס אִיז נִיט דָא אֵיינֶער וָואס הָאט פֶערְלָאזֶען הויז, אָדֶער בְּרִידֶער, אָדֶער שְׁוֶועסְטֶערְן, אָדֶער פָאטֶער, אָדֶער מוּטֶער, אָדֶער וַוייבּ, אָדֶער קִינְדֶער, אָדֶער פֶעלְדֶער, פוּן מֵיינֶעט וֶועגֶען אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם:

30 וָואס וֶועט נִיט עֶנְטְפַאנְגֶען הוּנְדֶערְטפֶעלְטִיג יֶעצְט אִין דִיזֶער צֵייט, הֵייזֶער, אוּנְד בְּרִידֶער, אוּנְד שְׁוֶועסְטֶערְן, אוּנְד מוּטֶערְס, אוּנְד קִינְדֶער, אוּנְד פֶעלְדֶער, מִיט פֶערְפָאלְגוּנְג, אוּנְד אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען:

31 אוּנְד פִילֶע וָואס זֶענֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע, וֶועלֶען זֵיין דִיא לֶעצְטֶע, אוּנְד דִיא לֶעצְטֶע, דִיא עֶרְשְׁטֶע:

32 אוּנְד זֵייא וַוארֶען אוֹיף דֶעם וֶועג נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם צוּ גֵיין. אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז פָאר זֵייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען נָאכְגֶעפָאלְגְט אִין פוּרְכְט. אוּנְד עֶר הָאט וִוידֶער גֶענוּמֶען דִיא צְוֶועלְף, אוּנְד הָאט זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען וָואס עֶס וֶועט צוּ אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען:

33 זֶעהְט, מִיר גֵיין אַרוֹיף נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט וֶוערֶען צוּ דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד סוֹפְרִים, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אִיהְם פֶערְאוּרְטְהֵיילֶען צוּם טוֹיט, אוּנְד וֶועלֶען אִיהְם אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ דִיא גוֹיִם:

34 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אִיהְם אוֹיסְשְׁפֶּעטֶען, אוּנְד וֶועלֶען אִיהְם מִיט רִיטֶער שְׁלָאגֶען, אוּנְד וֶועלֶען אוֹיף אִיהְם שְׁפֵּייעֶן, אוּנְד וֶועלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען. אוּנְד דֶעם דְרִיטֶען טָאג וֶועט עֶר וִוידֶער אוֹיפְשְׁטֵיין:

35 אוּנְד יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן, דִיא זִיהְן פוּן זַבְדִי, זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, רַבִּי, מִיר וִוילֶען דוּא זָאלְסְט אוּנְס טְהוּן וָואס מִיר וֶועלֶען דִיךְ בֶּעטֶען:

36 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס ווִילְט אִיהְר אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ טְהוּן?

37 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גִיבּ אוּנְס אַז מִיר זָאלֶען זִיצֶען אֵיינֶער צוּ דֵיינֶע רֶעכְטֶער הַאנְד, אוּנְד אֵיינֶער צוּ דֵיינֶע לִינְקֶער הַאנְד, אִין דֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט:

38 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר ווייסְט נִיט וָואס אִיהְר פֶערְלַאנְגְט. קֶענְט אִיהְר דֶעם כּוֹס טְרִינְקֶען וָואס אִיךְ טְרִינְק? אוּנְד מִיט דֶער טוֹיפֶע גֶעטוֹיפְט וֶוערֶען וָואס אִיךְ וֶוער גֶעטוֹיפְט?

39 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר קֶענֶען. אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר וֶועט גֶעוִויס טְרִינְקֶען דֶעם כּוֹס וָואס אִיךְ טְרִינְק, אוּנְד מִיט דֶער טוֹיפֶע וָואס אִיךְ וֶוער גֶעטוֹיפְט וֶועט אִיהְר אוֹיךְ גֶעטוֹיפְט וֶוערֶען:

40 אָבֶּער צוּ זִיצֶען צוּ מֵיינֶע רֶעכְטֶער הַאנְד אוּנְד צוּ מֵיינֶע לִינְקֶער הַאנְד, אִיז נִיט מֵיין צוּ גֶעבֶּען, נֵייעֶרְט צוּ דִיא פַאר וֶועמֶען עֶס אִיז אָנְגֶעגְרֵייט:

41 אוּנְד וֶוען דִיא צֶעהְן הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֵּייז צוּ וֶוערֶען אִיבֶּער יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן:

42 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,

אִיהר

אִיהְר װייסְט אַז דִיא װָאס זֶענֶען אָנְ־
גֶעזֶעהֶען װִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דִיא גוֹיִם,
דִיא הֶערְשֶׁען אִיבֶּער זַייא, אוּנְד דִיא
גְרויסֶע צְװִישֶׁען זַייא גֶעװֶעלְטִיגֶען אִיבֶּער
זַייא׃
43 אָבֶּער עֶס זָאל נִיט אַזוי זַיין צְװִישֶׁען
אַייךְ, נֵייעֶרְט דֶער װָאס װִיל גְרויס זַיין
צְװִישֶׁען אַייךְ, דֶער זָאל זַיין אַייעֶר
בֶּעדִינְטֶער׃
44 אוּנְד װֶעלְכֶער פוּן אַייךְ עֶס װִיל
זַיין דֶער עֶרְשְׁטֶער, דֶער זָאל זַיין
אַייעֶר קְנֶעכְט׃
45 װָארִין אַפִילוּ דֶער בֶּן־אָדָם אִיז
נִיט גֶעקוּמֶען בֶּעדִינְט צוּ װֶערֶען, נֵייעֶרְט
צוּ בֶּעדִינֶען, אוּנְד זַיין לֶעבֶּען צוּ גֶעבֶּען
אַלְס אַיינֶע אויסְלֵייזוּנְג (כַּפָּרָה) פַאר
פִילֶע׃
46 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ
יְרִיחוֹ. אוּנְד װֶען עֶר אִיז פוּן יְרִיחוֹ
אַרויסְגֶעגַאנְגֶען מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים
אוּנְד אַיין גְרויס פָאלְק, אַזוי אִיז דֶער
בְּלִינְדֶער בַּר־טִימַאי, דֶער זוּהְן פוּן
טִימַאי, גֶעזֶעסֶען בֵּיים װֶעג אוּנְד הָאט
גֶעבֶּעטֶעלְט׃
47 אוּנְד װִיא עֶר הָאט גֶעהֶערְט אַז
דָאס אִיז יֵשׁוּעַ הַנּוֹצְרִי, הָאט עֶר אָנְ־
גֶעהויבֶּען צוּ שְׁרֵייעֶן, אוּנְד הָאט גֶע־
זָאגְט, יֵשׁוּעַ בֶּן דָּוִד, דֶערְבַּארְם דִיךְ
אִיבֶּער מִיר׃
48 אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶע־
שְׁרִיגֶען אַז עֶר זָאל שְׁטִיל שְׁװֵייגֶען.
אָבֶּער עֶר הָאט נָאךְ פִיל מֶעהְר גֶע־
שְׁרִיגֶען, דוּא זוּהְן פוּן דָּוִד, דֶערְבַּארְם
דִיךְ אִיבֶּער מִיר׃
49 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין,
אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעהֵייסֶען רוּפֶען. אוּנְד
זַייא הָאבֶּען דֶעם בְּלִינְדֶען גֶערוּפֶען,
אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זַייא
גֶעטְרֵייסְט, שְׁטֵייא אויף, עֶר רוּפְט דִיךְ׃
50 אוּנְד עֶר הָאט זַיין מַאנְטֶעל
אַרוּפְגֶעװָארְפֶען, אוּנְד אִיז אויפְגֶעשְׁטַא־
נֶען אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ׃
51 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, װָאס װִילְסְט
דוּא אַז אִיךְ זָאל דִיר טְהוּן? אוּנְד
דֶער בְּלִינְדֶער הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
מֵיין הַאר, אַז אִיךְ זָאל זֶעהֶענְדִיג
װֶערֶען׃
52 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
גֵייא דֵיין װֶעג, דֵיין גְלויבֶּען הָאט דִיךְ
גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט. אוּנְד עֶר אִיז בַּאלְד
זֶעהֶענְדִיג גֶעװָארֶען, אוּנְד הָאט יֵשׁוּעַ
נָאכְגֶעפָאלְגְט אויף דֶעם װֶעג׃

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד װֶען זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען
נָאהְנְט צוּ יְרוּשָׁלַיִם, נָאךְ בֵּית־פַּגֵי אוּנְד
בֵּית־עַנְיָה בֵּיים הַר הַזֵּיתִים, אַזוי הָאט
עֶר אַװֶעקְגֶעשִׁיקְט צְװֵייא פוּן זַיינֶע
תַּלְמִידִים׃
2 אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, גֵייט
אִין דָארְף אַרֵיין, װָאס אִיז קֶעגֶען אִיבֶּער
אַייךְ, אוּנְד אַזוי בַּאלְד װִיא אִיהְר װֶעט
דְרִינֶען אַרֵיינְקוּמֶען, װֶעט אִיהְר גֶע־
פִינֶען אַיין יוּנְג אַייזֶעלֶע אָנְגֶעבּוּנְדֶען,
אויף װֶעלְכֶען קֵיין מֶענְשׁ אִיז נָאךְ נִיט
גֶעזֶעסֶען. לָאזְט עֶס לויז, אוּנְד בְּרֶענְגְט
עֶס אַהֶער׃
3 אוּנְד װֶען אִימֶעצֶער װֶעט צוּ אַייךְ
זָאגֶען, װָארוּם טְהוּט אִיהְר דָאס? אַזוי
זָאגְט, אַז דֶער הַאר בֶּעדַארְף עֶס, אוּנְד
עֶר װֶעט עֶס בַּאלְד אַהֶער שִׁיקֶען׃
4 אוּנְד זַייא זֶענֶען אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעפוּנֶען דָאס יוּנְגֶע
אַייזֶעלֶע אָנְגֶעבּוּנְדֶען דְרויסֶען בֵּייא דֶער

טיר וְואוּ דִיא וֶועגֶען שֵׁיידֶען זִיךְ, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען עֶס לוֹיז גֶעלָאזְט ׃
5 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא וָואס זֶענֶען
דָארְטֶען גֶעשְׁטַאנֶען הָאבֶּען צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, וָואס טְהוּט אִיהְר, דָאס אִיהְר
לָאזְט לוֹיז דָאס יוּנְגֶע אֵייזֶעלֶע ?
6 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט
אַזוֹי וִויא יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעהֵייסֶען.
אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זֵייא גֶעלָאזְט גֵיין ׃
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָאס יוּנְגֶע
אֵייזֶעלֶע גֶעפִירְט צוּ יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאבֶּען
זֵיירֶע קְלֵיידֶער דְרִיבֶּער גֶעוָוארְפֶען,
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ דְרוֹיף גֶעזֶעצְט ׃
8 אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען זֵיירֶע קְלֵיידֶער
אוֹיף דֶעם וֶועג אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט. אוּנְד
אַנְדֶערֶע הָאבֶּען צְווייגֶען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען
פוּן דִיא בֵּיימֶער, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא
גֶעשְׁטְרֵייעֶט אוֹיף דֶעם וֶועג ׃
9 אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען פָאר אִיהְם
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהְם
נָאכְגֶעפָאלְגְט, הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, הוֹשַׁע־נָא! גֶעלוֹיבְּט
אִיז דֶער וָואס קוּמְט אִין דֶעם נָאמֶען
פוּן דֶעם הַאר גָאט ׃
10 גֶעלוֹיבְּט אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
אוּנְזֶער פָאטֶער דָוִד, וָואס קוּמְט אִין
דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר גָאט!
הוֹשַׁע־נָא אִין דֶער הֵייךְ!
11 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרֵיין.
אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אוֹיף אַלֶעס אַרוּמְ־
גֶעזֶעהֶען, אוּנְד וֶוען עֶס ווַאר שׁוֹין
קֶעגֶען אָבֶּענְד, אַזוֹי אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען נָאךְ בֵּית־עַנְיָה מִיט דִיא צְוֶועלְף ׃
12 אוּנְד צוּ מָארְגֶען פְרִיה, וֶוען זֵייא
זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן בֵּית־עַנְיָה,
אַזוֹי ווַאר עֶר הוּנְגֶערִיג ׃
13 אוּנְד עֶר הָאט דֶערְזֶעהֶען פוּן
ווייטֶען אֵיין פֵייגֶענְבּוֹים, וָואס הָאט
אוֹיף זִיךְ גֶעהַאט בְּלֶעטֶער, אוּנְד עֶר
אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ זֶעהֶען אוֹיבּ עֶר וֶועט
נִיט עֶפֶּעס דְרוֹיף גֶעפִינֶען. אוּנְד וֶוען
עֶר אִיז צוּגֶעקוּמֶען, הָאט עֶר נִיט מֶעהְר
גֶעפוּנֶען וִויא בְּלֶעטֶער; וָוארִין עֶס ווַא־
נָאךְ נִיט דִיא צֵייט פוּן פֵייגֶען ׃
14 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, קֵיינֶער זָאל נִיט
מֶעהְר פוּן דִיר קֵיינֶע פֵּירוֹת עֶסֶען אוֹיף
אֵייבִּיג; אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען עֶס
גֶעהֶערְט ׃
15 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען
אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרֵיין, הָאט עֶר אָנְ־
גֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסְצוּטְרֵייבֶּען דִיא וָואס
הָאבֶּען פַארְקוֹיפְט אוּנְד גֶעקוֹיפְט אִין
בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד הָאט אוּמְגֶעוָוארְפֶען
דִיא טִישֶׁען פוּן דִיא חַלְפָנִים, אוּנְד דִיא
שְׁטִיהְלֶען פוּן דִיא טוֹיבֶּען־הֶענְדְלֶער ׃
16 אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעלָאזְט אַז
יֶעמַאנְד זָאל אֵיין כֵּלִי דוּרְכְטְרָאגֶען
דוּרְךְ דֶעם בֵּית־הַמִקְדָשׁ ׃
17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, שְׁטֵייט דֶען נִיט
גֶעשְׁרִיבֶּען, מֵיין הוֹיז זָאל גֶערוּפֶען
וֶוערֶען אֵיין הוֹיז פוּן גֶעבֶּעט צוּ אַלֶע
פֶעלְקֶער? אוּנְד אִיהְר הָאט עֶס גֶע־
מַאכְט צוּ אֵיינֶע הֵייל פוּן רֵייבֶּער ׃
18 אוּנְד דִיא סוֹפְרִים אוּנְד דִיא רָאשֵׁי
כֹּהֲנִים הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעזוּכְט וִויא אַזוֹי זֵייא זָאלֶען
אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען. וָוארִין זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ פַאר אִיהְם גֶעפָארְכְטֶען, וַוייל דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק הָאט זִיךְ פֶערְוָואוּנְדֶערְט
אִיבֶּער זֵיינֶע לֶעהְרֶע ׃

19 אוּנְד װֶען עֶס װַאר אָבֶענְד, אִיז
עֶר אוֹיס דֶער שְׁטָאט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען :
20 אוּנְד אִין דֶער פְּרִיה װֶען זֵייא
זֶענֶען פֶּערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זֵייא
גֶעזֶעהֶען דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים פֶּערְדַארְט
פוּן דֶער װָארְצֶעל :
21 אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט
אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, זֶעה,
דֶער פֵייגֶען־בּוֹים װָאס דוּא הָאסְט גֶער־
פְלוּכְט אִיז פֶּערְדַארְט גֶעװָארֶען :
22 אוּנְד יֵשׁוּעַ הַאט גֶעעֶנְטפֶּערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הָאט גְלוֹיבֶּען
אִין גָאט :
23 װָארִין פַארְװָאהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ,
װֶער עֶס װֶעט זָאגֶען צוּ דִיזֶען בַּארְג,
הֵייבּ דִיךְ אוֹיף, אוּנְד װֶער אִין דֶעם
ם אַרֵיינְגֶעװָארְפֶען, אוּנְד עֶר װֶעט נִיט
צְװֵייפְלֶען אִין זֵיין הַארְץ, גֵייעֶרְט עֶר
גְלוֹיבְּט אַז דָאס װָאס עֶר זָאגְט װֶעט
גֶעשֶׁעהֶען, אַזוֹי װֶעט עֶר הָאבֶּען װָאס
עֶר װֶעט זָאגֶען :
24 דְרוּם זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַלֶעס װָאס
אִיהְר װֶעט פֶּערְלַאנְגֶען אִים גֶעבֶּעט,
גְלוֹיבְּט אַז אִיהְר װֶעט עֶס עֶנְטפַאנְגֶען,
אוּנְד אַזוֹי װֶעט אֵייךְ גֶעשֶׁעהֶען :
25 אוּנְד װֶען אִיהְר שְׁטֵייט אוּנְד
בֶּעטֶעט, אַזוֹי פֶּערְגִיבְּט װֶען אִיהְר הָאט
עֶטְװָאס קֶעגֶען אֵיינֶעם, דָאס אֵייעֶר
פָּאטֶער װָאס אִיז אִים הִימֶעל זָאל אֵייךְ
אוֹיךְ פֶּערגֶעבֶּען אֵיירֶע פֶּעהְלֶער :
26 אָבֶּער װֶען אִיהְר װֶעט נִיט פֶּערְ־
גֶעבֶּען, אַזוֹי װֶעט אֵייעֶר פָּאטֶער װָאס
אִיז אִים הִימֶעל אֵיירֶע פֶּעהְלֶער אוֹיךְ
נִיט פֶּערגֶעבֶּען :
27 אוּנְד זֵייא זֶענֶען װִידֶער גֶעקוּמֶען
נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם. אוּנְד װֶען עֶר אִיז
אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, זֶענֶען
צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים
אוּנְד דִיא סוֹפְרִים אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע :
28 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
מִיט װֶעלְכֶער מַאכְט טְהוּסְט דוּא דִיזֶע
זַאכֶען ? אוּנְד װֶער הָאט דִיר דִיזֶע
מַאכְט גֶעגֶעבֶּען אַז דוּא זָאלְסְט דָאס
טְהוּן ?
29 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶּערְט
אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ װֶעל
אֵייךְ אוֹיךְ אֵיין זַאךְ פְרֶעגֶען, אוּנְד
עֶנְטפֶּערְט מִיר, אַזוֹי װֶעל אִיךְ אֵייךְ
זָאגֶען מִיט װֶעלְכֶער מַאכְט אִיךְ טְהוּא
דִיזֶע זַאכֶען :
30 װַאר דִיא טוֹיפֶע פוּן יוֹחָנָן פוּן
הִימֶעל, אָדֶער פוּן מֶענְשֶׁען ? עֶנְטפֶערְט
מִיר :
31 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צְװִישֶׁען זִיךְ גֶער־
רֶעט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, װֶען מִיר
װֶעלֶען זָאגֶען, פוּן הִימֶעל, אַזוֹי װֶעט
עֶר זָאגֶען, װָארוּם הָאט אִיהְר אִיהְם דֶען
נִיט גֶעגְלוֹיבְּט ?
32 אָבֶּער װֶען מִיר װֶעלֶען זָאגֶען, פוּן
מֶענְשֶׁען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶער־
פָארְכְטֶען פַאר דֶעם פָאלְק, װָארִין אַלֶע
הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען יוֹחָנָן פַאר אֵיין
אֱמֶת'ן נָבִיא :
33 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטפֶּערְט
אוּנְד הָאבֶּען צוּ יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, מִיר
װֵייסֶען נִיט; אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְט־
פֶּערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ
זָאג אֵייךְ אוֹיךְ נִיט מִיט װֶעלְכֶער מַאכְט
אִיךְ טְהוּא דִיזֶע זַאכֶען :

קאפיטעל יב

1 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זֵייא
צוּ רֶעדֶען אִין מְשָׁלִים. אֵיין מַאן הָאט
גֶעפְּלַאנְצְט אֵיין װֵיינְגָארְטֶען, אוּנְד הָאט
אֵיין צוֹים דְרוּם גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט

גֶעגְרָאבֶּען אֵיינֶע קֶעלְטֶער, אוּנְד הָאט
גֶעבּוֹיט אֵיין טְהוּרְם, אוּנְד הָאט אִיהְם
פֶערְדוּנְגֶען צוּ וַויינְגֶערְטנֶער, אוּנְד אִיז
אַוֶועקְגֶעפָארֶען :

2 אוּנְד מִיט דֶער צֵייט הָאט עֶר גֶע־
שִׁיקְט אַ קְנֶעכְט צוּ דִיא וַויינְגֶערְטנֶער,
אַז עֶר זָאל פוּן זַייא גֶעמֶען דִיא פְרוּכְט
פוּן דֶעם וַויינְגָארְטֶען :

3 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם לֵיידִיג אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט :

4 אוּנְד עֶר הָאט ווִידֶער צוּ זַייא גֶע־
שִׁיקְט אֵיין אַנְדֶערְן קְנֶעכְט. אוּנְד זַייא
הָאבֶּען שְׁטֵיינֶער אוֹיף אִיהְם גֶעוָוארְפֶען,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם דֶען קָאפּ צוּשְׁלָאגֶען,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם פֶערְשֶׁעהְמְט אַוֶועקְ־
גֶעשִׁיקְט :

5 אוּנְד עֶר הָאט ווִידֶער אֵיין אַנְדֶערֶען
גֶעשִׁיקְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אוּמְ־
גֶעבְּרַאכְט. אוּנְד נָאךְ פִילֶע אַנְדֶערֶע,
עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען זַייא גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד
עֶטְלִיכֶע אוּמְגֶעבְּרַאכְט :

6 אוּנְד עֶר הָאט נָאךְ גֶעהַאט אֵיין
אֵיינְצִיגֶען זוּהְן, זַיין גֶעלִיבְּטֶער, אַזוֹי
הָאט עֶר אִיהְם אוֹיךְ צוּ לֶעצְט צוּ זַייא
גֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זַייא
וֶועלֶען זִיךְ פַאר מֵיין זוּהְן פָארְכְטֶען :

7 אָבֶּער דִיזֶע וַויינְגֶערְטנֶער הָאבֶּען
אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן גֶעזָאגְט, דָאס אִיז
דֶער יוֹרֵשׁ, קוּמְט אוּנְד לָאזְט אוּנְס
אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען, אוּנְד דִיא יְרוּשָׁה
וֶועט אוּנְזֶער זַיין :

8 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם אוֹיס דֶעם וַויינְגָארְטֶען
אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען ?

9 דְרוּם וָואס וֶועט דֶער הַאר פוּן דֶעם
וַויינְגָארְטֶען טְהוּן ? עֶר וֶועט קוּמֶען
אוּנְד וֶועט דִיא וַויינְגֶערְטנֶער אוּמְ־
בְּרֶענְגֶען, אוּנְד וֶועט דֶעם וַויינְגָארְטֶען
צוּ אַנְדֶערֶע גֶעבֶּען :

10 אוּנְד הָאט אִיהְר נִיט גֶעלֵיינְט דִיזֶע
שְׁרִיפְט, דֶער שְׁטֵיין וָואס דִיא בּוֹיעֶרְס
הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען, דֶער אִיז גֶעוָוארֶען
צוּם עֶקְשְׁטֵיין :

11 דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען פוּן הַאר גָאט,
אוּנְד עֶס אִיז ווְאוּנְדֶערְלִיךְ אִין אוּנְזֶערֶע
אוֹיגֶען :

12 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט צוּ
גֶעמֶען, אָבֶּער זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶע־
פָארְכְטֶען פַאר דֶעם פָאלְק. וָוארִין זַייא
הָאבֶּען גֶעווִיאוּסְט אַז עֶר הָאט אוֹיף
זַייא דָאס מָשָׁל גֶעזָאגְט; אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אִיהְם פֶערְלָאזֶען, אוּנְד זֶענֶען
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען :

13 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
שִׁיקְט עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד
פוּן הוֹרְדוֹס לֵייט, אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם
חַאפֶּען אִין זַיינֶע רֵייד :

14 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, מִיר
ווִייסֶען אַז דוּא בִּיסְט וָואהְרְהַאפְטִיג,
אוּנְד פְרֶעגְסט נָאךְ קֵיינֶעם נִיט. וָוארִין
דוּא בִּיסְט קֵיין מֶענְשׁ נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים,
נֵייעֶרְט דוּא לֶערְסְט דֶען וֶועג פוּן
גָאט אִין וָואהְרְהֵייט. אִיז עֶס רֶעכְט מַס
צוּ גֶעבֶּען צוּ דֶעם קֵיסָר, אָדֶער נִיט ? זָאלֶען
מִיר אִיהְם גֶעבֶּען, אָדֶער נִיט גֶעבֶּען ?

15 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעווִיאוּסְט זַיירֶע
פַאלְשְׁהֵייט, אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶע־
זָאגְט, וָוארוּם פְּרוּפְט אִיהְר מִיךְ ?
בְּרֶענְגְט מִיר אֵיין גִילְדֶען, אַז אִיךְ זָאל
עֶס אָנְקוּקֶען :

16 אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעבְּרַאכְט.

אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶועמֶעס
בִּילְד אוּנְד וֶועמֶעס אוֹיפְשְׁרִיפְט אִיז
דָאס, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, דֶעם קֵייסֶערְס:
17 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
גִיבְּט דֶעם קֵייסֶער וָואס אִיז דֶעם
קֵייסֶערְס, אוּנְד צוּ גָאט וָואס אִיז
גָאטְס. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְ־
וְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער אִיהְם:
18 אוּנְד דִיא צַדוּקִים זֶענֶען צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען, וָואס זָאגֶען עֶס אִיז קֵיין
תְּחִיַת הַמֵתִים נִיט פֶערְהַאנְדֶען, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט:
19 רַבִּי, מֹשֶׁה הָאט אוּנְס גֶעשְׁרִיבֶּען,
וֶוען אֵיין בְּרוּדֶער וֶועט שְׁטַארְבֶּען,
אוּנְד וֶועט אִיבֶּערְלָאזֶען זֵיין וַוייבּ.
אוּנְד וֶועט קֵיינֶע קִינְדֶער נִיט לָאזֶען,
אַזוֹי זָאל זֵיין בְּרוּדֶער גֶעמֶען זֵיין וַוייבּ,
אוּנְד זָאל קִינְדֶער אוֹיפְשְׁטֶעלֶען צוּ זֵיין
בְּרוּדֶער:
20 דָא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען בְּרִידֶער,
אוּנְד דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט גֶענוּמֶען אֵיין
וַוייבּ, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד
הָאט קֵיינֶע קִינְדֶער נִיט גֶעלָאזְט:
21 אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער הָאט זִיא
גֶענוּמֶען, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד
הָאט אוֹיךְ קֵיינֶע קִינְדֶער נִיט גֶעלָאזְט.
אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דֶער דְרִיטֶער:
22 אוּנְד דִיא זִיבֶּען הָאבֶּען זִיא גֶע־
נוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען נִיט גֶעלָאזְט קֵיינֶע
קִינְדֶער, נָאךְ אַלֶע אִיז דִיא פְרוֹיא אוֹיךְ
גֶעשְׁטָארְבֶּען:
23 דְרוּם אִין תְּחִיַת הַמֵתִים, וֶוען זֵייא
וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין, וֶועלְכֶער פוּן זֵייא
וֶועט זִיא הָאבֶּען פַאר אֵיין וַוייבּ?
וָוארִין אַלֶע זִיבֶּען הָאבֶּען זִיא גֶעהַאט
פַאר אֵיין וַוייבּ:
24 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, טְהוּט
אִיהְר אֵייךְ נִיט דַארוּם פֶערְאִירֶען, וַוייל
אִיהְר קֶענְט נִיט דִיא שְׁרִיפְט, אוּנְד
אוֹיךְ נִיט דִיא מַאכְט פוּן גָאט?
25 וָוארִין וֶוען זֵייא וֶועלֶען אִין תְּחִיַת
הַמֵתִים אוֹיפְשְׁטֵיין, אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא
נִיט הֵיירַאטֶען, אוּנְד נִיט פֶערְהֵיירַאטֶעט
וֶוערֶען, נֵייעֶרְט זֵייא וֶועלֶען זֵיין ווִיא
דִיא מַלְאָכִים וָואס זֶענֶען אִים הִימֶעל:
26 אָבֶּער וֶועגֶען דִיא טוֹיטֶע, דָאס
זֵייא וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין, הָאט אִיהְר נִיט
גֶעלֵייעֶנְט אִין דֶעם סֵפֶר פוּן מֹשֶׁה, ווִיא
גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט פוּן דֶעם
דָארְנבּוּשׁ. אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין
דֶער גָאט פוּן אַבְרָהָם, אוּנְד דֶער גָאט
פוּן יִצְחָק, אוּנְד דֶער גָאט פוּן יַעֲקֹב:
27 עֶר אִיז נִיט דֶער גָאט פוּן דִיא
טוֹיטֶע, נֵייעֶרְט דֶער גָאט פוּן דִיא
לֶעבֶּעדִיגֶע. דְרוּם פֶערְאִירְט אִיהְר אֵייךְ
זֶעהְר:
28 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא סוֹפְרִים אִיז
צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען. וָואס הָאט זֵייא גֶע־
הֶערְט צוּזַאמֶען מְפַלְפֵּל זֵיין, אוּנְד הָאט
גֶעזֶעהֶען אַז עֶר הָאט זֵייא גוּט גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט. אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט,
וֶועלְכֶע אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע פוּן אַלֶע
מִצְוֹת:
29 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט, דִיא עֶרְשְׁטֶע פוּן אַלֶע מִצְוֹת
אִיז, הֶער צוּ יִשְׂרָאֵל, דֶער הַאר אוּנְזֶער
גָאט אִיז אֵיין הַאר גָאט:
30 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֶעם הַאר דֵיין
גָאט לִיבֶּען מִיט דֵיין גַאנְצֶען הַארְץ,
אוּנְד מִיט דֵיין גַאנְצֶער זֵייל, אוּנְד מִיט
דֵיין גַאנְצֶען פֶערְשְׁטַאנְד, אוּנְד מִיט

דֵיינֶער גַאנְצֶער קְרַאפְט. דָאס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע מִצְוָה׃

31 אוּנְד דִיא צְווייטֶע אִיז גְלֵייךְ דֶערְצוּ, דוּא זָאלְסְט דֵיין גֶעזֶעלֶען לִיבֶּען וְויא דִיךְ זֶעלְבְּסְט; עֶס אִיז קֵיינֶע אַנְדֶערֶע מִצְוָה נִיט פֶערְהַאנְדֶען וָואס אִיז גְרֶעסֶער וְויא דִיזֶע׃

32 אוּנְד דֶער סוֹפֵר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וְואוֹיל רַבִּי, דוּא הָאסְט דִיא וָואהרְהֵייט גֶעזָאגְט. וָוארִין עֶס אִיז אֵיין הַאר גָאט, אוּנְד קֵיין אַנְדֶערֶער אִיז נִיט דָא חוּץ אִיהְם׃

33 אוּנְד אִיהְם צוּ לִיבֶּען מִיט דֶעם גַאנְצֶען הַארְץ, אוּנְד מִיט דֶעם גַאנְצֶען פֶערְשְׁטַאנְד, אוּנְד מִיט דֶער גַאנְצֶער זֵייל, אוּנְד מִיט דֶער גַאנְצֶער קְרַאפְט, אוּנְד זֵיין גֶעזֶעלֶען צוּ לִיבֶּען וְויא זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אִיז מֶעהְר פוּן אַלֶע עוֹלוֹת אוּנְד זְבָחִים׃

34 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר הָאט קְלוּג גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט נִיט וֵוייט פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט; אוּנְד קֵיינֶער הָאט זִיךְ נִיט דֶערְלוֹיבְּט אִיהְם נָאךְ עֶפֶּעס מֶעהְר צוּ פְרֶעגֶען׃

35 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, וְויא אַזוֹי זָאגֶען דִיא סוֹפְרִים אַז דֶער מָשִׁיחַ אִיז דֶער זוּהְן פוּן דָוִד׃

36 וָוארִין דָוִד זֶעלְבְּסְט הָאט גֶעזָאגְט דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֵיין הַאר, זִיץ דוּא צוּ מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, בִּיז אִיךְ וֶועל מַאכֶען דֵיינֶע פֵיינְד אֵיין פוּסְשְׁטוּהְל צוּ דֵיינֶע פִים׃

37 דְרוּם רוּפְט אִיהְם דָאךְ דָוִד זֶעלְבְּסְט הַאר, אוּנְד וְויא אַזוֹי אִיז עֶר דֶען זֵיין זוּהְן? אוּנְד אֵיין גְרוֹיס פָאלְק הָאבֶּען אִיהְם גֶערְן גֶעהֶערְט׃

38 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט אִין זֵיינֶע לֶעהְרֶע, הִיט אֵייךְ פַאר דִיא סוֹפְרִים, וָואס הָאבֶּען גֶערְן צוּ גֵיין אִין לַאנְגֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד גֶעגְרִיסְט צוּ וֶוערֶען אִין דִיא גַאסֶען׃

39 אוּנְד שְׁטֵיין גֶערְן אוֹיבֶּען אָן אִין דִיא שׁוּהְלֶען, אוּנְד זִיצֶען אוֹיבֶּען אָן אוֹיף סְעוּדוֹת׃

40 וָואס עֶסֶען אוֹיף דִיא הֵייזֶער פוּן אַלְמָנוֹת, אוּנְד פַאר אֵיין אוֹיסְרֵייד זֶענֶען זֵייא לַאנְג מִתְפַּלֵל. דִיזֶע וֶועלֶען אֵיין גְרֶעסֶער מִשְׁפָּט עֶנְטפַאנְגֶען׃

41 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז גֶעזֶעסֶען קֶעגֶענְ־אִיבֶּער דֶעם צְדָקָה קַאסְטֶען, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען וְויא דָאס פָאלְק וַוארְפְט אַרֵיין גֶעלְד אִין דֶעם קַאסְטֶען, אוּנְד פִילֶע רֵייכֶע הָאבֶּען פִיל אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען׃

42 אוּנְד אֵיינֶע אָרֶעמֶע אַלְמָנָה אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען צְווייא פְּרוּטוֹת, וָואס מַאכֶען אוּיס אֵיין פִירְטֶעל גְרָאשֶׁען׃

43 אוּנְד עֶר הָאט זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּ גֶערוּפֶען אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פַארְוָואהר זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז דִיא אָרֶעמֶע אַלְמָנָה הָאט מֶעהְר אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וְויא אַלֶע וָואס הָאבֶּען אִין דֶעם קַאסְטֶען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען׃

44 וָוארִין אַלֶע הָאבֶּען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען פוּן דֶעם וָואס זֵייא הָאבֶּען אִיבְּרִיג, אָבֶּער זִיא הָאט פוּן אִיהְרֶע אָרֶעמְקֵייט אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אַלֶעס וָואס זִיא הָאט, אַפִילוּ אִיהְרֶע גַאנְצֶע דֶערְנֶעהְרוּנְג׃

## קאפיטעל יג

1 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז פוּן דֶעם בֵּית

המקדש

הַמִקְדָשׁ אַרויסְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט
אֵיינֶער פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, רַבִּי, זֶעה, וָואס פַאר שְׁטֵיינֶער
אוּנְד וָואס פַאר אֵיין גֶעבֵּייד הִיר אִיז:
2 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעהסְט דוּא
דָאס גְרוֹיסֶע גֶעבֵּייד? דָא וֶועט נִיט
בְּלֵייבֶּען אֵיין שְׁטֵיין אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן
וָואס וֶועט נִיט צֶערְוָוארְפֶען וֶוערֶען:
3 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף
דֶעם הַר הַזֵיתִים קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶעם
בֵּית הַמִקְדָשׁ, הָאבֶּען אִיהְם פֶּעטְרוּס
אוּנְד יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן אוּנְד אַנְדְרֶעָא
שְׁטִילֶערְהֵייט גֶעפְרֶעגְט:
4 זָאג אוּנְס וֶוען דָאס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען,
אוּנְד וָואס אִיז דָאס צֵייכֶען וֶוען דִיזֶעס
אַלֶעס וֶועט דֶערְפִילְט וֶוערֶען?
5 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זַייא גֶעעֶנְטפֶערְט,
אוּנְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען, זֶעהְט
אַז קֵיינֶער זָאל אֵייךְ נִיט פֶערְפִירֶען:
6 וָוארִין פִילֶע וֶועלֶען קוּמֶען אִין מֵיין
נָאמֶען, אוּנְד וֶועלֶען זָאגֶען אִיךְ בִּין
דֶער מָשִׁיחַ, אוּנְד וֶועלֶען פִילֶע פֶערְ־
פִירֶען:
7 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט הֶערֶען פוּן
מִלְחָמוֹת אוּנְד גֶערֵייד פוּן מִלְחָמוֹת,
דֶערְשְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט. וָוארִין דָאס מוּס
גֶעשֶׁעהֶען. אָבֶּער דֶער סוֹף אִיז נָאךְ
נִיט דָא:
8 וָוארִין אֵיין פָאלְק וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין
קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערֶען, אוּנְד אֵיין קֶענִיגְ־
רֵייךְ קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן. אוּנְד עֶס
וֶועט זַיין עֶרְדצִיטֶערְנִישׁ אִין עֶטְלִיכֶע
עֶרְטֶער, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין הוּנְגֶער
אוּנְד שְׁרֶעקֶען; דִיזֶע זֶענֶען דֶער אָנְהוֹיב
פוּן וֵוייטָאג:
9 אָבֶּער גִיבְּט אַכְט אוֹיף אֵייךְ זֶעלְבְּסְט,
וָוארִין זַייא וֶועלֶען אֵייךְ אִיבֶּערלִיפֶערְן
צוּ דִיא סַנְהֶדְרִין, אוּנְד אִין דִיא שׁוּהְלֶען
וֶועט אִיהְר גֶעשְׁלָאגֶען וֶוערֶען, אוּנְד
אִיהְר וֶועט פָארְגֶעשְׁטֶעלְט וֶוערֶען פַאר
פִירְשְׁטֶען אוּנְד קֶענִיגֶע פוּן מֵיינֶעט
וֶועגֶען, פַאר אֵיין צֵייגְנִיס צוּ זַייא:
13 אוּנְד דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם מוּס צוּם
עֶרְשְׁטֶען גֶעפְּרֶעדִיגְט וֶוערֶען צוּ אַלֶע
פֶעלְקֶער:
11 אָבֶּער וֶוען זַייא וֶועלֶען אֵייךְ אַוֶועקְ־
פִיהְרֶען אוּנְד אִיבֶּערְלִיפֶערְן, זָארְגְט נִיט
וָואס אִיהְר זָאלְט רֶעדֶען, אוּנְד בֶּעדֶענְקְט
אֵייךְ נִיט. נֵייעֶרְט וָואס עֶס וֶועט אֵייךְ
גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין דֶערזֶעלְבִּיגֶער שָׁעָה,
דָאס זָאלְט אִיהְר רֶעדֶען. וָוארִין אִיהְר
וֶועט דָאס נִיט רֶעדֶען, נֵייעֶרְט דֶער
רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:
12 אוּנְד אֵיין בְּרוּדֶער וֶועט דֶעם
אַנְדֶערְן בְּרוּדֶער אִיבֶּערְלִיפֶערְן צוּם
טוֹיט, אוּנְד אֵיין פָאטֶער דָאס קִינְד.
אוּנְד קִינְדֶער וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין קֶעגֶען
זֵיירֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד וֶועלֶען זַייא אוּמְ־
בְּרֶענְגֶען:
13 אוּנְד אִיהְר וֶועט גֶעהַאסְט וֶוערֶען
בֵּייא אַלֶע פוּן מֵיין נָאמֶענְס וֶועגֶען.
אָבֶּער דֶער וָואס הַאלְט אוֹיס בִּיז צוּם
סוֹף, דֶער וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען:
14 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט זֶעהֶען דִיא
אוּמְווירְדִיגְקֵייט פוּן דֶער פֶערְווִיסְטוּנְג,
וָואס אִיז גֶעזָאגְט דוּרְךְ דָנִיאֵל הַנָבִיא,
אַז עֶס שְׁטֵייט וְויא עֶס קֶעהְר נִיט צוּ
שְׁטֵיין, (דֶער וָואס לֵייעֶנְט לָאז עֶר
פֶערְשְׁטֵיין) אַזוֹי לָאזֶען דִיא וָואס זֶענֶען
אִין יְהוּדָה עֶנְטלוֹיפֶען צוּ דִיא בֶּערְג:
15 אוּנְד דֶער וָואס אִיז אוֹיף דֶעם
דַאךְ, לָאז עֶר נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אוּם
עֶפֶּעס אוֹיס זַיין הוֹיז צוּ נֶעמֶען:

אונד

16 אונד דער וואס איז אים פעלד,
לאז ער זיך ניט צוריק אומקעהרען אום
זיינע קליידער צו נעמען:
17 אונד ווייא צו דיא וואס זענען
שוואנגער, אונד דיא וואס געבען צו
זייגען אין דיזע צייטען:
18 אבער בעטעט, דאס אייער ענט־
לויפען זאל ניט זיין אים ווינטער:
19 ווארין אין דיזע צייטען וועט זיין
איינע צרה, וואס א זאלכע איז ניט
געוועזען פון אנפאנג פון דעם בע־
שעפענים וואס גאט האט בעשאפען
ביז אצונד, אונד עס וועט אויך ניט
מעהר זיין:
20 אונד ווען דער האר העט ניט
פערקירצט דיא טעג, אזוי העט קיין
מענש ניט ניצול געווארען. אבער פון
וועגען דיא אויסדערוויילטע וואס ער
האט אויסדערוויילט, האט ער דיא טעג
פערקירצט:
21 אונד דענסמאל ווען איינער וועט
צו אייך זאגען, זעהט, היר איז דער
משיח, אדער זעהט, דארט איז ער,
אזוי זאלט איהר ניט גלויבען:
22 ווארין עס וועלען אויפשטיין
פאלשע משיחים אונד פאלשע נביאים,
אונד וועלען געבען צייכען אונד
וואונדער, כדי צו פערפיהרען אפילו
דיא אויסדערוויילטע, ווען עס זאל
מעגליך זיין:
23 אבער היט אייך. זעהט, איך
האב אייך אלעס פריהער אויסגעזאגט:
24 אבער אין דיזע צייטען, נאך דער
צרה, וועט דיא זון פינסטער ווערען,
אונד דיא לבנה וועט ניט געבען איהר
ליכט:
25 אונד דיא שטערען פון הימעל
וועלען ארופפאלען, אונד דיא מאכטען
וואס זענען אים הימעל וועלען זיך
בעוועגען:
26 אונד דערנאך וועלען זייא זעהען
דעם בן־אדם קומען אין דיא וואלקענס,
מיט איינע גרויסע מאכט אונד הערר־
ליכקייט:
27 אונד דענסמאל וועט ער שיקען
זיינע מלאכים, אונד וועט זיינע אויס־
דערוויילטע איינזאמלען פון דיא פיר
ווינדען, פון דעם עק פון דער ערד
ביז צום עק פון הימעל:
28 אצונד לערנט איין ביישפיל פון
דעם פייגענבוים. ווען זיינע צווייג
איז נאך פריש, אונד ברענגט ארויס
בלעטער, אזוי ווייסט איהר אז דער
זאמער איז נאהנט:
29 אזוי אויך איהר, ווען איהר וועט
זעהען אז דיזע זאכען געשעהען, ווייסט
איהר אז עס איז נאהנט ביים דער
טיר:
30 באמת זאג איך אייך, דיזעס גע־
שלעכט וועט ניט פערבייא גיין, ביז
דאס אלעס וועט געשעהען:
31 הימעל אונד ערד וועלען פערגיין,
אבער מיינע רייד וועלען ניט פערגיין:
32 אבער פון דיזען טאג אונד דיא
שעה ווייס קיינער ניט, אויך ניט אמאל
דיא מלאכים אים הימעל, אונד ניט
דער זוהן, נייערט דער פאטער:
33 דרום היט אייך, וואכט אונד
בעטעט. ווארין איהר ווייסט ניט ווען
דיא צייט איז:
34 עס איז אזוי וויא איין מאן וואס
פארט אוועק, אונד לאזט איבער זיין
הויז, אונד גיבט דיא מאכט צו זיינע
קנעכט, אונד איטליכען זיינע ארבייט,

אוּנְד זָאגְט אָן דֶעם שׁוֹמֵר אַז עֶר זָאל
וַואכֶען:
35 דְרוּם וַואכְט אִיהְר, וָוארִין אִיהְר
ווייסְט נִיט וֶוען דֶער הַאר פוּן דֶעם
הויז וֶועט קוּמֶען, אוֹיף דֶעם אָבֶענְד,
אָדֶער אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט, אָדֶער
וֶוען דֶער הָאן קְרֵייעֶט, אָדֶער אִין דֶער
פְרִיה:
36 טָאמֶער וֶועט עֶר קוּמֶען פְּלוּצְלוּנְג,
אוּנְד וֶועט אֵייךְ גֶעפִינֶען שְׁלָאפֶען:
37 אוּנְד וָואס אִיךְ זָאג צוּ אֵייךְ, דָאס
זָאג אִיךְ צוּ אַלֶע, וַואכְט:

## קאפיטעל יד

1 אוּנְד נָאךְ צְווֵייא טֶעג וַואר פֶּסַח,
אוּנְד דֶער חַג הַמַצוֹת. אוּנְד דִיא רָאשֵׁי
כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא סוֹפְרִים הָאבֶען גֶע־
זוּכְט וִויא אַזוֹי זֵייא זָאלֶען אִיהְם נֶעמֶען
מִיט לִיסְט אוּנְד זָאלֶען אִיהְם אוּמְ־
בְּרֶענְגֶען:
2 אוּנְד זֵייא הָאבֶען גֶעזָאגְט, נִיט אַם
יוֹם טוֹב, כְּדֵי עֶס זָאל נִיט זֵיין קֵיין
אויפְרוּר צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק:
3 אוּנְד וֶוען עֶר וַואר אִין בֵּית עֲנִיָה,
אִים הויז פוּן שִׁמְעוֹן דֶעם מְצוֹרָע, וִויא
עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען בֵּיים טִישׁ, אַזוֹי אִיז
גֶעקוּמֶען אֵיינֶע פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעהַאט
אֵיין קְרִיגֶעל מִיט אֵייל פוּן זֶעהְר
טֵייעֶרֶען נֵרְדְ. אוּנְד זִיא הָאט דָאס
קְרִיגֶעל צֶערְבְּרָאכֶען, אוּנְד הָאט עֶס
אויף זֵיין קָאפּ אוֹיסְגֶעגָאסֶען:
4 אוּנְד דָא וַוארֶען אֵיינִיגֶע וָואס
הָאבֶען זִיךְ גֶעבֵּייזֶערְט אוּנְד הָאבֶען
גֶעזָאגְט, צוּ וָואס אִיז דֶער שָׁאדֶען
פוּן דֶעם אֵייל גֶעשֶׁעהֶען?
5 וָוארִין דָאס הָאט גֶעקֶענְט פֶערְ־
קוֹיפְט וֶוערֶען פַאר מֶעהְר וִויא דְרֵייא
הוּנְדֶערְט גִילְדֶען, אוּנְד צוּ דִיא אָרֶעמֶע
גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶען
זִיךְ אויף אִיהְר גֶעבֵּייזֶערְט:
6 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, לָאזְט
זִיא צוּפְרִידֶען, וָוארוּם קְרֶענְקְט אִיהְר
זִיא? זִיא הָאט אֵיין גוּטֶעס וֶוערְק אָן
מִיר גֶעטְהוּן:
7 וָוארִין דִיא אָרֶעמֶע הָאט אִיהְר
תָּמִיד מִיט אֵייךְ, אוּנְד וֶוען אִיהְר ווִילְט,
קֶענְט אִיהְר זֵייא גוּטֶעס טְהוּן. אָבֶּער
מִיךְ הָאט אִיהְר נִיט תָּמִיד:
8 זִיא הָאט גֶעטְהוּן וָואס זִיא הָאט
גֶעקֶענְט. זִיא אִיז צוּ פָאר גֶעקוּמֶען
כְּדֵי מֵיין לֵייבּ צוּ זַאלְבֶּען צוּ דֶער
קְבוּרָה:
9 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אִין דֶער
גַאנְצֶער וֶועלְט וְואוּ דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם
וֶועט גֶעפְּרֶעדִיגְט וֶוערֶען, אַזוֹי וֶועט
מֶען דָאס אויךְ דֶערְצֵיילֶען וָואס זִיא
הָאט גֶעטְהוּן, צוּ אִיהְר גֶעדֶעכְטֶענִיס:
10 אוּנְד יְהוּדָה אִישׁ קְרִיוֹת אֵיינֶער
פוּן דִיא צְוֶועלְף, אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ
דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים, כְּדֵי עֶר זָאל אִיהְם
צוּ זֵייא אִיבֶּערְלִיפֶערֶען:
11 אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶען דָאס גֶע־
הֶערְט, הָאבֶען זֵייא זִיךְ גֶעפְרֵייט, אוּנְד
הָאבֶען אִיהְם צוּגֶעזָאגְט גֶעלְד צוּ גֶעבֶּען.
אוּנְד עֶר הָאט אָפְּגֶעוַוארְט אֵיינֶע גוּטֶע
צֵייט דָאס עֶר זָאל אִיהְם אִיבֶּערְ־
לִיפֶערֶען:
12 אוּנְד דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן חַג
הַמַצוֹת, וֶוען זֵייא שֶׁעכְטֶען דָאס קָרְבַּן
פֶּסַח, הָאבֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, וְואוּ ווִילְסְט דוּא אַז מִיר
זָאלֶען גֵיין אוּנְד אָנְבְּרֵייטֶען דָאס דוּא
זָאלְסְט עֶסֶען דָאס קָרְבַּן פֶּסַח?
13 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט צְווֵייא פוּן
זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא

גֶעזָאגְט, גֵייט אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיין ;
אוּנְד אֵיין מַאן וֶועט אֵייךְ בֶּעגֶעגְנֶען,
וָואס טְרָאגְט אֵיין קְרוּג מִיט וַואסֶער,
פָאלְגְט אִיהְם נָאךְ :
14 אוּנְד וְואוּ אַהִין עֶר וֶועט אַרֵיינְ־
גֵיין, זָאגְט צוּ דֶעם בַּעַל הַבַּיִת, דֶער
רַבִּי לָאזְט דִיר זָאגֶען, וְואוּ אִיז דָאס
צִימֶער וְואוּ אִיךְ זָאל עֶסֶען דָאס קָרְבָּן
פֶּסַח מִיט מֵיינֶע תַּלְמִידִים ?
15 אוּנְד עֶר וֶועט אֵייךְ וַוייזֶען אֵיינֶע
גְרוֹיסֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע שְׁטוּבּ, אוֹיסְגֶעצִירְט
אוּנְד אָנְגֶעבְּרֵייט. דָארְטֶען זָאלְט אִיהְר
פַּארְטִיג מַאכֶען פַאר אוּנְס :
16 אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין
דִיא שְׁטָאט אַרֵיין, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעפוּנֶען אַזוֹי וִויא עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעבְּרֵייט
דָאס קָרְבָּן פֶּסַח :
17 אוּנְד אוֹיף דֶעם אָבֶענְד אִיז עֶר
גֶעקוּמֶען מִיט דִיא צְוֶועלְף :
18 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶער
גֶעזֶעצְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, אַזוֹי
הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, בְּאֶמֶת זָאג אִיךְ
אֵייךְ, דָאס אֵיינֶער פוּן אֵייךְ וָואס עֶסְט
מִיט מִיר, וֶועט מִיךְ פֶערְרָאטֶען :
19 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
טְרוֹיעֶרֶען, אוּנְד הָאבֶּען אֵיינֶער נָאךְ דֶעם
אַנְדֶערֶען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּין אִיךְ
דָאס ? אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער הָאט גֶע־
זָאגְט, בִּין אִיךְ דָאס ?
20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, עֶס אִיז אֵיינֶער
פוּן דִיא צְוֶועלְף, וָואס טוּנְקְט מִיט מִיר
אֵיין אִין דֶער שִׁיסֶעל :
21 דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט גֵיין אַזוֹי וִויא
עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף אִיהְם. אָבֶּער
וֵויא צוּ דֶעם מֶענְשׁ דוּרְךְ וֶועמֶען דֶער
בֶּן־אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט וֶוערֶען.
עֶס וֶוער בֶּעסֶער פַאר דִיזֶען מֶענְשׁ וֶוען
עֶר הֶעט נִיט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען :
22 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען,
אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען דָאס בְּרוֹיט,
אוּנְד הָאט בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט
עֶס צֶערְבְּרָאכֶען, אוּנְד הָאט עֶס צוּ זֵייא
גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, נֶעמְט
אוּנְד עֶסְט ; דָאס אִיז מֵיין לֵייבּ :
23 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דֶעם כּוֹס,
אוּנְד הָאט בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט
עֶס צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אַלֶע דֶערְפוּן גֶעטְרוּנְקֶען :
24 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
דָאס אִיז מֵיין בְּלוּט פוּן דֶעם נֵייעֶן
בּוּנְד, וָואס אִיז פֶערְגָאסֶען פַאר פִילֶע :
25 בְּאֶמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז אִיךְ וֶועל
נִיט מֶעהְר טְרִינְקֶען פוּן דֶער פְּרוּכְט פוּן
דֶעם וַויינְשְׁטָאק, בִּיז אָן דֶעם טָאג וֶוען
אִיךְ וֶועל עֶס טְרִינְקֶען נֵייא אִין דֶעם
קֶעגִיגְרֵייךְ פוּן גָאט :
26 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען הַלֵּל גֶע־
זוּנְגֶען, זֶענֶען זֵייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּם
הַר הַזֵּיתִים :
27 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיהְר אַלֶע וֶועט אֵייךְ דִיזֶע נַאכְט אָן
מִיר אָנְשְׁטוֹיסֶען. וָוארִין עֶס שְׁטֵייט
גֶעשְׁרִיבֶּען, אִיךְ וֶועל שְׁלָאגֶען דֶעם
הִירְט, אוּנְד דִיא שָׁאף וֶועלֶען צֶערְ־
שְׁפְּרֵייט וֶוערֶען :
28 אָבֶּער נָאךְ דֶעם וֶוען אִיךְ וֶועל
אוֹיפְשְׁטֵיין, אַזוֹי וֶועל אִיךְ פָאר אֵייךְ
גֵיין נָאךְ גָלִיל :
29 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, וֶוען אַלֶע זָאלֶען זִיךְ אָן דִיר אָנְ־
שְׁטוֹיסֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דָאךְ נִיט :

30 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, אַז הֵיינְט אִין דִיזֶער נַאכְט, אֵייְדֶער דֶער הָאן וֶועט צְוֵייא מָאל קְרֵייעֶן, אַזוֹי וֶועסְט דוּא מִיךְ דְרֵייא מָאל פֶערְלֵייקֶענֶען׃

31 אָבֶּער עֶר הָאט נָאךְ מֶעהְר גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ זָאל מוּזֶען מִיט דִיר שְׁטַארְבֶּען, וֶועל אִיךְ דִיךְ אוֹיךְ נִיט פֶערְלֵייקֶענֶען. אַזוֹי הָאבֶּען אוֹיךְ אַלֶע גֶעזָאגְט׃

32 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ אֵיין אָרְט, וָואס וֶוערְט אָנְגֶערוּפֶען גַת שְׁמָנִים, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, זִיצְט אִיהְר הִיר בִּיז אִיךְ וֶועל בֶּעטֶען׃

33 אוּנְד עֶר הָאט מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען פֶּעטְרוּס אוּנְד יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן, אוּנְד הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פַארְכְטֶען אוּנְד צוּ בֶּעטְרִיבֶּען׃

34 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מֵיין גֶעמִיט אִיז זֶעהְר טְרוֹירִיג בִּיז אָן דֶעם טוֹיט. בְּלֵייבְּט הִיר אוּנְד וַואכְט׃

35 אוּנְד עֶר אִיז אַבִּיסֶעל וֵוייטֶער גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר אִיז צוּ דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען, דָאס וֶוען עֶס אִיז מֶעגְלִיךְ, אַזוֹי זָאל דִיזֶע שָׁעָה פוּן אִיהְם פֶערְבֵּייא גֵיין׃

36 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַבָּא, פָאטֶער, אַלֶעס אִיז מֶעגְלִיךְ בֵּייא דִיר. נֶעם אַוֶועק דִיזֶען כּוֹס פוּן מִיר. דָאךְ נִיט וָואס אִיךְ וִויל, נֵייעֶרְט וָואס דוּא וִוילְסְט׃

37 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט זֵייא גֶעפוּנֶען שְׁלָאפֶען. אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ פֶּעטְרוּס, שִׁמְעוֹן, שְׁלָאפְסְט דוּא? הָאסְט דוּא נִיט גֶעקֶענְט וַואכֶען אֵיינֶע שָׁעָה?

38 וַואכְט אוּנְד בֶּעטֶעט, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט קוּמֶען אִין פֶערְזוּכוּנְג. דֶער גֵייסְט אִיז וִוילִיג, אָבֶּער דָאס פְלֵיישׁ אִיז שְׁוַואךְ׃

39 אוּנְד עֶר אִיז וִוידֶער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד הָאט דִיא זֶעלְבִּיגֶע רֵייד גֶערֶעט׃

40 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט, הָאט עֶר זֵייא וִוידֶער גֶעפוּנֶען שְׁלָאפֶען, וָוארִין זֵיירֶע אוֹיגֶען זֶענֶען שְׁוֶוער גֶעוֶועזֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט וָואס זֵייא זָאלֶען אִיהְם עֶנְטְפֶערֶען׃

41 אוּנְד עֶר אִיז דָאס דְרִיטֶע מָאל גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, שְׁלָאפְט וֵוייטֶער אוּנְד רוּהְט אֵייךְ אָפּ. עֶס אִיז גֶענוּג, דִיא שָׁעָה אִיז גֶעקוּמֶען. זֶעה, דֶער בֶּן־אָדָם וֶוערְט אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט אִין דִיא הֶענְד אַרֵיין פוּן זִינְדֶער׃

42 שְׁטֵייט אוֹיף, לָאזְט אוּנְס גֵיין. נוּן אִיז דֶער נָאהֶנְט וָואס טְהוּט מִיךְ פֶערְרָאטֶען׃

43 אוּנְד וֵוייל עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט, אִיז בַּאלְד יְהוּדָה, אֵיינֶער פוּן דִיא צְוֶועלְף, גֶעקוּמֶען, אוּנְד מִיט אִיהְם אֵיין גְרוֹיס פָאלְק מִיט שְׁוֶוערְדֶען אוּנְד שְׁטֶעקֶענְס, פוּן דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד סוֹפְרִים אוּנְד עֶלְצְטֶע׃

44 אוּנְד דֶער וָואס הָאט אִיהְם פֶערְרָאטֶען הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אֵיין צֵייכֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דֶעם וָואס אִיךְ וֶועל קִישֶׁען דָאס אִיז עֶר. נֶעמְט אִיהְם אוּנְד פִיהְרְט אִיהְם זִיכֶער אַוֶועק׃

45 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען, אַזוֹי אִיז עֶר בַּאלְד צוּ אִיהְם צוּגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, רַבִּי, רַבִּי! אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעקִישְׁט׃

46 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייעֶרע הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֵייגְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען׃

47 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען הָאט דָאס שְׁוֶוערְד אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם קְנֶעכְט פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּנְד הָאט אִיהְם דָאס אוֹיעֶר אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען׃

48 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, זַייט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען וִויא קֶעגֶען אֵיין רוֹיבֶּער, מִיט שְׁוֶוערְדֶען אוּנְד מִיט שְׁטֶעקֶענְס אוּם מִיךְ צוּ נֶעמֶען׃

49 אִיךְ בִּין טֶעגְלִיךְ מִיט אֵייךְ גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּנְד הָאבּ גֶעלֶערְנְט, אוּנְד אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט גֶענוּמֶען. אָבֶּער דִיא שְׁרִיפְט מוּז מְקוּיָם וֶוערֶען׃

50 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אַלֶע פֶערְלָאזֶען, אוּנְד זֶענֶען אַוֶועק גֶעלָאפֶען׃

51 אוּנְד אֵיין יוּנְגֶער מַאן הָאט אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט, וָואס הָאט גֶעהַאט אֵיין לֵיילֶעךְ אַרוּם זַיין נַאקֶעטֶען לֵייבּ. אוּנְד דִיא יוּנְגֶע לֵייט הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען׃

52 אוּנְד עֶר הָאט דָאס לֵיילֶעךְ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, אוּנְד אִיז פוּן זַייא נַאקֶעט אַוֶועקְגֶעלָאפֶען׃

53 אוּנְד זַייא הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶעפִירְט צוּם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע אוּנְד דִיא סוֹפְרִים הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם פֶערְזַאמֶעלְט׃

54 אוּנְד פֶּעטְרוּס אִיז אִיהְם פוּן וַוייטֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען בִּיז אִין פַּאלַאץ אַרַיין פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל. אוּנְד עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען מִיט דִיא בֶּעדִינְטֶע, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעוַוארְמְט בֵּיים פַייעֶר׃

55 אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דָאס גַאנְצֶע סַנְהֶדְרִין הָאבֶּען גֶעזוּכְט עֵדוּת קֶעגֶען יֵשׁוּעַ, אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען. אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען׃

56 אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען פַאלְשֶׁע עֵדוּת גֶעזָאגְט קֶעגֶען אִיהְם, אָבֶּער זַייעֶר עֵדוּת וַואר נִיט גְלֵייךְ׃

57 אוּנְד עֶטְלִיכֶע זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאבֶּען פַאלְשֶׁע עֵדוּת גֶעזָאגְט קֶעגֶען אִיהְם, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט׃

58 מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט זָאגֶען. אִיךְ וִויל אֵיינְוַוארְפֶען דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ וָואס אִיז גֶעמַאכְט מִיט הֶענְד, אוּנְד אִין דְרֵייא טָאג וֶועל אִיךְ אוֹיפְבּוֹיעֶן אֵיין אַנְדֶערֶעס וָואס אִיז נִיט גֶעמַאכְט מִיט הֶענְד׃

59 אָבֶּער זַייעֶר עֵדוּת וַואר אוֹיךְ נִיט גְלֵייךְ׃

60 אוּנְד דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער מִיטֶען, אוּנְד הָאט יֵשׁוּעַ גֶעפְרֶעגְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, עֶנְטְפֶערְסְט דוּא גָאר נִישְׁט? וָואס זָאגֶען דִיזֶע עֵדוּת קֶעגֶען דִיר?

61 אָבֶּער עֶר הָאט שְׁטִיל גֶעשְׁווִיגֶען, אוּנְד הָאט גָאר נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט. דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט אִיהְם ווִידֶער גֶעפְרֶעגְט, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער מָשִׁיחַ, דֶער זוּהְן פוּן דֶעם גֶעבֶּענְשְׁטֶען?

62 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין. אוּנְד אִיהְר וֶועט זֶעהֶען דֶעם בֶּן־אָדָם זִיצֶען צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן דֶער גְבוּרָה, אוּנְד קוּמֶען אִין דִיא וָואלְקֶענְס פוּן דֶעם הִימֶעל׃

63 אוּנְד דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט זַיינֶע קְלֵיידֶער צֶערְרִיסֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,



וואס

וָואס בֶּעדַארְפֶֿען מִיר נָאךְ מֶעהְר עֵדוּת:
64 אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט דִיא לֶעסְטֶער־
רוּנְג. וָואס דֶענְקְט אִיהְר? אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם אַלֶּע פֶערְאוּרְטהֵיילְט אַז
עֶר אִיז שׁוּלְדִיג דֶעם טוֹיט:
65 אוּנְד אֵיינִיגֶע הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען
אוֹיף אִיהְם צוּ שְׁפֵּייעֶן, אוּנְד הָאבֶּען
זֵיין פָּנִים צוּגֶעדֶעקְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דֶער פוֹיסְט, אוּנְד
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זָאג נְבוּאוֹת.
אוּנְד דִיא בֶּעדִינְטֶע הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
שְׁלָאגֶען אִיבֶּער דֶעם פָּנִים:
66 אוּנְד וֶוען פֶּעטְרוּס וַואר הִינְטֶען
אִים פַּאלַאץ, אִיז אֵיינֶע פוּן דִיא דִינְסְט
מֵיידֶעל פוּן כֹּהֵן גָּדוֹל גֶעקוּמֶען:
67 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען פֶּעטְרוּס
וֶוען עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעוַוארֶעמְט, אַזוֹי
הָאט זִיא אִיהְם אָנְגֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, דוּא וַוארְסְט אוֹיךְ מִיט יֵשׁוּעַ
הַנָּצְרִי:
63 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעלֵייקֶענְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ ווייס נִיט, אוּנְד
פֶערְשְׁטֵייא נִיט וָואס דוּא זָאגְסְט. אוּנְד
עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִים פָארהוֹיף
אַרֵיין, אוּנְד דֶער הָאן הָאט גֶעקְרֵייעֶט:
69 אוּנְד אֵיין דִינְסְט מֵיידֶעל הָאט
אִיהְם ווידֶער גֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט אָנְ־
גֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען צוּ דִיא וָואס זֶענֶען
דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, דֶער אִיז אֵיינֶער
פוּן זֵייא:
70 אָבֶּער עֶר הָאט ווידֶער גֶעלֵייקֶענְט.
אוּנְד נָאךְ אֵיינֶע קְלֵיינֶע ווײלֶע, הָאבֶּען
דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען
ווידֶער גֶעזָאגְט צוּ פֶּעטְרוּס, דוּא בִּיסְט
גֶעווִיס אֵיינֶער פוּן זֵייא, וָוארִין דוּא
בִּיסְט אוֹיךְ פוּן גָּלִיל, אוּנְד דֵיינֶע
שְׁפְּרַאךְ אִיז גְלֵייךְ דֶערְצוּ:

71 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
פְלוּכֶען אוּנְד צוּ שְׁוֶוערֶען, אִיךְ קֶען נִיט
דֶעם מֶענְשׁ פוּן וֶועלְכֶען אִיהְר רֶעט:
72 אוּנְד דֶער הָאן הָאט צוּם צְווייטֶען
מָאל גֶעקְרֵייעֶט, אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט
זִיךְ דֶערְמָאנְט אִין דֶעם וָוארְט וָואס
יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעזָאגְט, אֵיידֶער דֶער
הָאן וֶועט צְווייא מָאל קְרֵייעֶן, וֶועסְט
דוּא מִיךְ דְרֵייא מָאל פֶערְלֵייקֶענֶען.
אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זִיךְ דָאס אִיבֶּער־
גֶעלֵייגְט הָאט עֶר גֶעווֵיינְט:

## קאפיטעל טו

1 אוּנְד בַּאלְד אִין דֶער פְרִיה הָאבֶּען
דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען
מִיט דִיא עֶלְצְטֶע אוּנְד דִיא סוֹפְרִים
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע סַנְהֶדְרִין, אוּנְד
הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶעבּוּנְדֶען אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם אַוֶועקְגֶעפִירְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ פִּילָטוּס:
2 אוּנְד פִּילָטוּס הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט,
בִּיסְט דוּא דֶער קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען?
אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא זָאגְסְט עֶס:
3 אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים הָאבֶּען פִיל
זַאכֶען קֶעגֶען אִיהְם גֶעזָאגְט, אָבֶּער עֶר
הָאט גָאר נִיט גֶעעֶנְטפֶערְט:
4 אוּנְד פִּילָטוּס הָאט אִיהְם ווידֶער
גֶעפְרֶעגְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, עֶנְטפֶערְסְט
דוּא גָאר נִיט? זֶעה, וויא פִיל זַאכֶען
זֵייא זָאגֶען קֶעגֶען דִיר:
5 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט ווייטֶער גָאר נִיט
גֶעעֶנְטפֶערְט, אַזוֹי דָאס פִּילָטוּס הָאט
זִיךְ פֶערְווָאוּנְדֶערְט:
6 אוּנְד עֶר פְלֶעגְט זֵייא אַלֶּע יוֹם טוֹב
א גֶעפַאנְגֶענֶעם פְרֵייא צוּ לָאזֶען,
וֶועלְכֶען זֵייא הָאבֶּען בֶּעגֶערְט:
7 אוּנְד עֶס וַואר דָא אֵיינֶער וָואס

הָאט גֶעהֵייסֶען בַּר־אַבָּא, וָואס וַואר
גֶעפַאנְגֶען מִיט דִיא וָואס הָאבֶּען אֵיין
אוֹיפְשְׁטַאנְד גֶעמַאכְט מִיט אִיהְם, אוּנְד
הָאבֶּען אִין דֶעם אוֹיפְשְׁטַאנְד אֵיין
רְצִיחָה גֶעטְהוּן׃
8 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעשְׁרִיעֶן
אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בֶּעטֶען,
אַז עֶר זָאל זַייא טְהוּן וִויא אַלֶע צֵייט׃
9 אוּנד פִּילָטוּס הָאט זַייא גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, ווִילְט אִיהְר אַז אִיךְ
זָאל אֵייךְ פְּרֵייא לָאזֶען דֶעם קֶענִיג פוּן
דִיא יוּדֶען?
10 וָוארִין עֶר הָאט גֶעווָאוּסְט אַז דִיא
רָאשֵׁי כֹּהֲנִים הָאבֶּען אִיהְם אִיבֶּערְגֶעלִיי־
פֶערְט וֶועגֶען קִנְאָה׃
11 אָבֶּער דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים הָאבֶּען
דָאס פָאלְק אָנְגֶערֵייצְט, אַז עֶר זָאל זַייא
בֶּעסֶער פְּרֵייא לָאזֶען בַּר־אַבָּא׃
12 אוּנְד פִּילָטוּס הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט ווִידֶער צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
וָואס ווִילְט אִיהְר דֶען אַז אִיךְ זָאל
טְהוּן צוּ דֶעם וָואס אִיהְר רוּפְט דֶעם
קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען?
13 אוּנְד זַייא הָאבֶּען ווִידֶער אוֹיסְ־
גֶעשְׁרִיעֶן, קְרֵייצִיג אִיהְם׃
14 אוּנְד פִּילָטוּס הָאט צוּ זַייא גֶע־
זָאגְט, וָואס פַאר אֵיין בֵּייז הָאט עֶר
דֶען גֶעטְהוּן? אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נָאךְ
מֶעהְר גֶעשְׁרִיעֶן, קְרֵייצִיג אִיהְם׃
15 אוּנְד פִּילָטוּס הָאט גֶעוָואלְט דֶעם
פָאלְק צוּלִיבּ טְהוּן, אַזוֹי הָאט עֶר זַייא
פְּרֵייא גֶעלָאזְט בַּר־אַבָּא, אוּנְד וָוען עֶר
הָאט יֵשׁוּעַ גֶעלָאזְט שְׁלָאגֶען, הָאט עֶר
אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אַז עֶר זָאל גֶע־
קְרֵייצִיגְט ווֶוערֶען׃
16 אוּנְד דִיא זֶעלְנֶער הָאבֶּען אִיהְם
אַרֵיינְגֶעפִירְט אִין דֶעם הוֹיף אַרֵיין, וָואס
ווֶערְט אָנְגֶערוּפֶען דֶער גֶערִיכְטְס הוֹיף,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען דֶעם
גַאנְצֶען בּוּנְט׃
17 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעטְהוּן
אִין פוּרְפֶּער, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפְלָאכְטֶען
אַ קְרוֹין פוּן דֶערְנֶער, אוּנְד הָאבֶּען עֶס
אוֹיף זַיין קָאפּ אוֹיפְגֶעזֶעצְט׃
18 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶע־
הוֹיבֶּען צוּ גְרִיסֶען, שָׁלוֹם, דוּא מֶלֶךְ
פוּן דִיא יוּדֶען׃
19 אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען
אִיבֶּער דֶעם קָאפּ מִיט אֵיין שְׁטֶעקֶען,
אוּנְד הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם גֶעשְׁפִּיגֶען.
אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַנִידֶער גֶעקְנִיעֶט
אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט׃
20 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְ־
גֶעשְׁפֶּאט, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא אִיהְם דָאס
פוּרְפֶּער קְלֵייד אָפְּגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם אָנְגֶעטְהוּן זַיינֶע אֵייגֶענֶע קְלֵיידֶער,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶעפִירְט אַז
זַייא זָאלֶען אִיהְם קְרֵייצִיגֶען׃
21 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעצְווָאוּנְגֶען
אֵיינֶעם, שִׁמְעוֹן פוּן קוּרִינִי, דֶער
פָאטֶער פוּן אַלֶכְּסַנְדֶר אוּנְד רוּפוּס,
וָואס אִיז פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען ווִיא עֶר
אִיז גֶעקוּמֶען פוּן פֶעלְד, אַז עֶר זָאל
טְרָאגֶען זַיין קְרֵייץ׃
22 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט
צוּ אֵיין אָרְט גָלְגָלְתָּא, דָאס אִיז אוֹיף
יוּדִישׁ, אֵיין אָרְט פוּן אֵיין קָאפּ־
שֵׁייטֶעל׃
23 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעגֶעבֶּען
צוּ טְרִינְקֶען ווַיין גֶעמִישְׁט מִיט מֹר,
אָבֶּער עֶר הָאט עֶס נִיט גֶענוּמֶען׃
24 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
קְרֵייצִיגְט, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶע־
טְהֵיילְט זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד הָאבֶּען



דרויף

דְרוּיף גוֹרָל גֶעוָוארְפֶען וָואס אִיטְלִיכֶער
זָאל גֶעמֶען:
25 אוּנְד עֶס וַואר דִיא דְרִיטֶע שָׁעָה
וָוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט:
26 אוּנְד דִיא אוֹיפְשְׁרִיפְט פוּן זֵיינֶע
פֶערְשׁוּלְדִיגוּנְג וַואר אִיבֶּער אִיהְם גֶעשְׁ־
רִיבֶּען, דֶער מֶלֶךְ פוּן דִיא יוּדֶען:
27 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעקְרֵייצִיגְט צְוֵייא
רוֹיבֶּערְס מִיט אִיהְם, אֵיינֶעם צוּ זֵיינֶע
רֶעכְטֶער הַאנְד, אוּנְד אֵיינֶעם צוּ דֶער
לִינְקֶער:
28 אוּנְד דִיא שְׁרִיפְט אִיז מְקוּיָם גֶעוָ־
וָארֶען וָואס זָאגְט, "אוּנְד עֶר וַואר
גֶערֶעכֶענְט מִיט דִיא אִיבֶּערטְרֶעטֶער":
29 אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען פֶערְבֵּייא
גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶעלֶעסְטֶערְט,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט דִיא
קֶעפּ, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַהָא! דוּא
וָואס צֶערְוַוארְפְסְט דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ,
אוּנְד בּוֹיעֶסְט עֶס אוֹיף אִין דְרֵייא
טֶעג:
30 הֶעלְף דִיר זֶעלְבְּסְט, אוּנְד קוּם
אַרוּפּ פוּן דֶעם קְרֵייץ:
31 אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים
הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעשְׁפֶּעט מִיט דִיא
סוֹפְרִים, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַנְדֶערֶע
הָאט עֶר גֶעהָאלְפֶען, אוּנְד זִיךְ אַלֵיין
קֶען עֶר נִיט הֶעלְפֶען:
32 לָאז דֶער מָשִׁיחַ, דֶער קֶענִיג פוּן
יִשְׂרָאֵל, אַצוּנְד אַרוּפּקוּמֶען פוּן דֶעם
קְרֵייץ, דָאס מִיר זָאלֶען זֶעהֶען אוּנְד
גְלוֹיבֶּען. אוּנְד דִיא וָואס וַוארֶען מִיט
אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט, הָאבֶּען אוֹיךְ אִיהְם
אַזוֹי פֶערְאַכְטֶעט:
33 אוּנְד אִין דֶער זֶעקְסְטֶער שָׁעָה וַואר
אֵיינֶע פִינְסְטֶערְנִיס אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען
לַאנְד, בִּיז צוּ דֶער נֵיינְטֶער שָׁעָה:

44 אוּנְד אִין דֶער נֵיינְטֶער שָׁעָה הָאט
יֵשׁוּעַ גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אֵיין הוֹיךְ קוֹל,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אֱלָהִי! אֱלָהִי! לָמָּה
שְׁבַקְתָּנִי, דָאס אִיז אוֹיף יוּדִישׁ, מֵיין
גָאט, מֵיין גָאט, וָוארוּם הָאסְט דוּא מִיךְ
פֶערְלָאזֶען:
35 אוּנְד עֶטְלִיכֶע וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא
גֶעשְׁטַאנֶען, וָוען זֵייא הָאבֶּען דָאס
גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, זֶעה,
עֶר רוּפְט אֵלִיָהוּ:
36 אוּנְד אֵיינֶער אִיז צוּ־גֶעלָאפֶען
אוּנְד הָאט אָנְגֶעפִילְט אֵיין שְׁוַואם מִיט
עֶסִיג, אוּנְד הָאט עֶס אוֹיף אֵיין שְׁטֶעקֶען
אוֹיפְגֶעזֶעצְט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעגֶע־
בֶּען צוּ טְרִינְקֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
לָאזְט גֵיין, מִיר וֶועלֶען זֶעהֶען אוֹיבּ
אֵלִיָהוּ וֶועט קוּמֶען, אוּנְד וֶועט אִיהְם
אַרוּפְּנֶעמֶען:
37 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעשְׁרִיעֶן מִיט
אֵיין הוֹיךְ קוֹל, אוּנְד אִיז פֶערְגַאנְגֶען:
38 אוּנְד דָאס פָּרוֹכֶת פוּן בֵּית הַמִקְדָשׁ
אִיז אִין צְוֵוייעֶן צֶערְרִיסֶען גֶעוָוארֶען, פוּן
אוֹיבֶּען בִּיז אַרוּפּ:
39 אוּנְד וִויא דֶער הוֹיפְּטמַאן וָואס אִיז
קֶעגֶענְאִיבֶּער אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען, הָאט
גֶעזֶעהֶען אַז עֶר הָאט אַזוֹי גֶעשְׁרִיעֶן
אוּנְד אִיז פֶערְגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר
גֶעזָאגְט, דִיזֶער מַאן וַואר גֶעוִויס דֶער
זוּהְן פוּן גָאט:
40 אוּנְד דָא וַוארֶען אוֹיךְ וֵוייבֶּער וָואס
הָאבֶּען פוּן וֵוייטֶען צוּ־גֶעזֶעהֶען? אוּנְד
צְווִישֶׁען זֵייא וַואר מִרְיָם מַגְדַלֶנָה, אוּנְד
מִרְיָם דִיא מוּטֶער פוּן דֶעם קְלֵיינֶעם
יַעֲקֹב אוּנְד יוֹסֵי, אוּנְד שְׁלוֹמִית:
41 דִיזֶע הָאבֶּען אִיהְם אוֹיךְ נָאכְגֶעגֶע־
פָאלְגְט וָוען עֶר וַואר אִין גָלִיל, אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם בֶּעדִינְט; אוּנְד פִילֶע

אַנדערע װאָס זענען מיט איהם אַרויפגעגאַנגען נאָך ירושלים׃

42 אונד װען עס װאַר שוין אָבענד, (װייל עס איז דער יום הקודש, דאָס הייסט ערב—יום טוב—שבת)׃

43 אַזוי איז געקומען יוסף פון רמתים, איין אָנגעזעהענער ראַטהס האַר, װאָס האָט אויך געװאַרט אויף דעם קעניגרייך פון גאָט. אונד ער האָט זיך געװאָגט, אונד איז געקומען צו פילטוס, אונד האָט געבעטען אום דעם לייב פון ישוע׃

44 אָבער פילטוס האָט זיך געװואונדערט דאָס ער איז שוין טויט. אונד ער האָט גערופען דעם הויפּטמאַן, אונד האָט איהם געפרעגט אויב ער איז שוין טויט׃

45 אונד װען ער האָט דאָס געװואוסט פון דעם הויפּטמאַן, אַזוי האָט ער דעם לייב געגעבען צו יוסף׃

46 אונד ער האָט געקויפט איין פיין ליילעך, אונד האָט איהם אַראָפּגענומען, אונד האָט איהם אין דעם ליילעך איינגעװיקעלט, אונד אַריינגעלייגט אין איין קבר װאָס װאַר אויסגעהאַקט אין איין פעלזען, אונד האָט אַרויפגעװאַלגערט איין שטיין אויף דער טיר פון דעם קבר׃

47 אונד מרים מגדלנה, אונד מרים דיא מוטער פון יוסי האָבען געזעהען װאו ער װאַר געלייגט׃

קאַפּיטעל טז

1 אונד װען דער שבת װאַר פאַריאיבער, אַזוי האָבען מרים מגדלנה אונד מרים דיא מוטער פון יעקב, אונד שלומית געקויפט בשמים אייל, אַז זייא זאָלען גיין אונד זאָלען איהם באַלזאַמירען׃

2 אונד זייא זענען געקומען צום קבר אָן דעם ערשטען טאָג פון דער װאָך גאַנץ פריה, װען דיא זון איז אויפגעגאַנגען׃

3 אונד זייא האָבען צװישען זיך געזאָגט, װער װעט אונס דעם שטיין אַרופּוואַלגערען פון דער טיר פון קבר׃

4 אונד װען זייא האָבען זיך אומגעזעהען, האָבען זייא געזעהען אַז דער שטיין װאַר אַרופּגעװאַלגערט. װאָרין ער װאַר זעהר גרויס׃

5 אונד װען זייא זענען אין דעם קבר אַריינגעקומען, האָבען זייא געזעהען איין יונגער מאַן זיצען צו דער רעכטער האַנד, אונד ער װאַר געקליידעט אין איין װייס קלייד. אונד זייא האָבען זיך דערשראָקען׃

6 אָבער ער האָט צו זייא געזאָגט, שרעקט אייך ניט. איהר זוכט ישוע הנצרי װאָס װאַר געקרייציגט. ער איז אויפגעשטאַנען, ער איז ניט היר. זעהט דען אָרט װאו זייא האָבען איהם געלייגט׃

7 אָבער גייט אונד זאָגט עס צו זיינע תלמידים אונד צו פעטרוס, אַז ער גייט צו פאָר אייך נאָך גליל. דאָרטען װעט איהר איהם זעהען װיא ער האָט צו אייך געזאָגט׃

8 אונד זייא זענען געשװינד אַרויסגעגאַנגען אונד זענען אַװעקגעלאָפען פון דעם קבר, װאָרין ציטערניס אונד שרעקען איז זייא אָנגעקומען. אונד זייא האָבען צו קיינעם גאָר ניט געזאָגט, װאָרין זייא האָבען זיך געפאָרכטען׃

9 אונד װען ישוע איז אויפגעשטאַנען אָן דעם ערשטען טאָג פון דער װאָך גאַנץ פריה, אַזוי האָט ער זיך צום

עֶרְשְׁטֶען בֶּעוִויזֶען צוּ מִרְיָם מַגְדַלֶנָה, פוּן וֶועלְכֶער עֶר הָאט זִיבֶּען שֵׁדִים אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען׃

10 אוּנְד זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט עֶס דֶערְצֵיילְט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעטְרוֹיעֶרְט אוּנְד גֶעוַויינְט׃

11 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז עֶר לֶעבְּט, אוּנְד הָאט זִיךְ צוּ אִיהְר בֶּעוִויזֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא אִיהְר נִיט גֶעגְלוֹיבְּט׃

12 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זִיךְ בֶּעוִויזֶען אִין אֵיין אַנְדֶער גֶעשְׁטַאלְט צוּ צְווֵייא פוּן זַייא, וֶוען זַייא זֶענֶען אִין פֶעלְד אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען׃

13 אוּנְד זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען עֶס דֶערְצֵיילְט צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע. אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא אוֹיךְ נִיט גֶעגְלוֹיבְּט׃

14 צוּלֶעצְט הָאט עֶר זִיךְ בֶּעוִויזֶען צוּ דִיא עֶלְף, וֶוען זַייא זֶענֶען גֶעזֶעסֶען צוּ טִישׁ, אוּנְד הָאט זַייא פָארְגֶעוָוארְפֶען זֵייעֶרֶע אוּנְגְלוֹיבִּיגְקֵייט אוּנְד פֶערְשְׁטָאפְּטֶעס הַארְץ, ווייל זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען נָאךְ דֶעם וִויא עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען׃

15 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, גֵייט אִיהְר צוּ דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אוּנְד פְּרֶעדִיגְט דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם צוּ אִיטְלִיכֶע בֶּעשֶׁעפֶּנִים׃

16 דֶער וָואס גְלוֹיבְּט אוּנְד וֶוערְט גֶעטוֹיפְט, דֶער וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. אָבֶּער דֶער וָואס גְלוֹיבְּט נִיט, וֶועט פֶערְשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען׃

17 אוּנְד דִיזֶע צֵייכֶען וֶועלֶען נָאכְפָאלְגֶען דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען. זַייא וֶועלֶען שֵׁדִים אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען אִין מֵיין נָאמֶען. זַייא וֶועלֶען רֵיידֶען נֵייעֶ שְׁפְּרַאכֶען׃

18 זַייא וֶועלֶען שְׁלַאנְגֶען אוֹיפְהֵייבֶּען, אוּנְד וֶוען זַייא וֶועלֶען עֶפֶּעס טֵייטְלִיכֶעס טְרִינְקֶען, אַזוֹי וֶועט עֶס זַייא נִיט שָׁאדֶען. זַייא וֶועלֶען זֵייעֶרֶע הֶענְד לֵייגֶען אוֹיף קְרַאנְקֶע, אוּנְד אַזוֹי וֶוערֶען זַייא גֶעזוּנְד וֶוערֶען׃

19 אוּנְד נָאכְדֶעם וִויא דֶער הַאר הָאט צוּ זַייא גֶערֶעט, אַזוֹי וַואר עֶר אַרוֹיפְגֶענוּמֶען אִין הִימֶעל אַרֵיין, אוּנְד גֶעזֶעסֶען צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן גָאט׃

20 אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען אִין אַלֶע עֶרְטֶער גֶעפְּרֶעדִיגְט, אוּנְד דֶער הַאר הָאט מִיט זַייא גֶעווירְקְט. אוּנְד הָאט דָאס וָוארְט פֶערְשְׁטַארְקְט דוּרְךְ דִיא צֵייכֶען וָואס הָאבֶּען נָאכְגֶעפָאלְגְט, אָמֵן׃



# דָאס הֵיילִיגֶע עֶוַואנְגֶעלִיוּם פוּן לוּקַאס

1 זֵייט דֶעם פִילֶע הָאבֶּען זִיךְ אוּנְטֶער־נוּמֶען אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען אֵיינֶע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען זִיכֶערְלִיךְ גֶעשֶׁעהֶען אוּנְטֶער אוּנְס:

2 וִויא דִיא הָאבֶּען עֶס אוּנְס אִיבֶּערְ־לִיפֶערְט, וָואס הָאבֶּען פוּן אָנְפַאנְג אָן זֶעלְבְּסְט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד וַוארֶען דִיא דִינֶער פוּן דֶעם וָוארְט:

3 אַזוֹי אִיז עֶס מִיר אוֹיךְ גֶעפַאלֶען, נָאכְדֶעם וִויא אִיךְ הָאבּ פוּן אָנְפַאנְג אַלֶעס גוּט נָאכְגֶעדֶענְקְט, אַז אִיךְ זָאל דִיר שְׁרֵייבֶּען אִין אָרְדְנוּנְג, מֵיין לִיבֶּער טֶעאָפִילוּס:

4 אַז דוּא זָאלְסְט וִויסֶען דִיא זִיכֶערְ־הֵייט פוּן דִיא זַאכֶען פוּן וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט נָאכְרִיכְט גֶעהַאט:

5 צוּ דֶער צֵייט פוּן הוֹרְדוֹס, קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, וַואר אֵיין כֹּהֵן פוּן דֶער אָרְדְנוּנְג פוּן אֲבִיָה, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען זְכַרְיָהוּ. אוּנְד זֵיין ווייבּ וַואר פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן אַהֲרֹן, אוּנְד זִיא הָאט גֶעהֵייסֶען אֱלִישֶׁבַע:

6 אוּנְד זֵייא וַוארֶען בֵּיידֶע גֶערֶעכְט פָאר גָאט, אוּנְד זֶענֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען אַלֶע מִצְוֹת אוּנְד גֶעזֶעץ פוּן דֶעם הַאר גָאט פָאלְשְׁטֶענְדִיג:

7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען קֵיין קִינְד נִיט גֶעהַאט, וָוארִין אֱלִישֶׁבַע וַואר אֵיינֶע אוּמְטְרַאכְטֶערִין, אוּנְד זֵייא וַוארֶען שׁוֹין בֵּיידֶע אִין יָאהְרֶען:

8 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען עֶר הָאט גֶע־דִינְט פַאר גָאט אִין דֶער אָרְדְנוּנְג פוּן זֵיין מִשְׁמָר:

9 אַזוֹי וַואר עֶס נָאךְ דֶער גֶעוְואוֹינְהֵייט פוּן דֶער כְּהוּנָה זֵיין גוֹרָל, אַז עֶר זָאל רֵייכֶערֶען קְטוֹרֶת וֶוען עֶר קוּמְט אַרֵיין אִין הֵיכָל פוּן דֶעם הַאר גָאט:

10 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאבֶּען מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזֶען פוּן דְרוֹיסֶען אִין דֶער שָׁעָה פוּן קְטוֹרֶת:

11 אוּנְד אֵיין מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר גָאט הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעווִיזֶען, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטַאנֶען צוּ דֶער רֶעכְטֶער זֵייט פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ הַקְטוֹרֶת:

12 אוּנְד וֶוען זְכַרְיָהוּ הָאט אִיהְם גֶע־זֶעהֶען הָאט עֶר זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען, אוּנְד אַ מוֹרָא אִיז אוֹיף אִיהְם גֶעפַאלֶען:

13 אָבֶּער דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָארְכְט דִיךְ נִיט, זְכַרְיָהוּ, וָוארִין דֵיינֶע תְּפִלָּה אִיז דֶערְהֶערְט גֶע־וָוארֶען, אוּנְד דֵיין ווייבּ אֱלִישֶׁבַע וֶועט דִיר גֶעווינֶען אֵיין זוּהְן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵיין נָאמֶען רוּפֶען יוֹחָנָן:

14 אוּנְד דוּא וֶועסְט הָאבֶּען שִׂמְחָה אוּנְד פְרֵייד, אוּנְד פִילֶע וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן אִיבֶּער זֵיינֶע גֶעבּוּרְט:

15 וָוארִין עֶר וֶועט זֵיין גְרוֹיס פַאר דֶעם הַאר גָאט. אוּנְד עֶר זָאל נִיט טְרִינְקֶען קֵיין וויין אוּנְד קֵיין אַלְטֶען וויין, נֵייעֶרְט עֶר וֶועט דֶערְפִילְט וֶוערֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ אֲפִילוּ פוּן זֵיין מוּטֶערְס לֵייבּ:

16 אוּנְד עֶר וֶועט ווידֶערְקֶערֶען פִילֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל צוּם הַאר, זֵייעֶר גָאט:

17 אוּנְד עֶר וֶועט צוּ פָאר אִיהְם גֵיין אִין דֶעם גֵייסְט אוּנְד קְרַאפְט פוּן אֵלִיָהוּ, אַז עֶר זָאל ווידֶערְקֶערֶען דִיא

הֶערְצֶער פוּן דִיא פֶּעטֶער צוּ דִיא
קִינְדֶער, אוּנְד דִיא ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע צוּ
דֶער חָכְמָה פוּן צַדִיקִים, אוּנְד אָנְצוּ־
גְרֵייטֶען אֵיין פָּאלְק וָואס אִיז פֶּערְטִיג
פַאר דֶעם הַאר גָאט:
18 אוּנְד זְכַרְיָהוּ הָאט צוּ דֶעם מַלְאָךְ
גֶעזָאגְט, ווִיא אַזוֹי זָאל אִיךְ דָאס
ווִיסֶען? וָוארִין אִיךְ בִּין אֵיין אַלְטֶער
מַאן, אוּנְד מֵיין ווַייבּ אִיז זֶעהְר בֶּע־
טָאגְט:
19 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין
גַבְרִיאֵל, וָואס שְׁטֵייט פַאר גָאט. אוּנְד
אִיךְ בִּין גֶעשִׁיקְט מִיט דִיר צוּ רֶעדֶען,
אוּנְד דִיר דָאס מְבַשֵׂר צוּ זֵיין:
20 אוּנְד, זֶעה, דוּא וֶועסְט שְׁטוּם
ווֶערֶען, אוּנְד וֶועסְט נִיט קֶענֶען רֶעדֶען,
בִּיז צוּ דֶעם טָאג וֶוען דָאס וֶועט גֶע־
שֶׁעהֶען; ווַייל דוּא הָאסְט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט
מֵיינֶע רֵייד, וָואס וֶועלֶען דֶערְפִּילְט
ווֶערֶען אִין זֵייעֶר צֵייט:
21 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעווַארְט
אוֹיף זְכַרְיָהוּ. אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶע־
ווְאוּנְדֶערְט וָואס עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹי
לַאנְג גֶעזוֹימְט אִין הֵיכָל:
22 אָבֶּער וֶוען עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען
הָאט עֶר מִיט זֵייא נִיט גֶעקֶענְט רֶעדֶען.
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעמֶערְקְט, אַז
עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אֵיין גֶעזִיכְט אִין
הֵיכָל. אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעווִינְקְט,
אוּנְד אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטוּם:
23 אוּנְד עֶס ווַאר וֶוען דִיא טֶעג פוּן
זֵיין עֲבוֹדָה הָאבֶּען זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט, אַזוֹי
אִיז עֶר אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען:
24 אוּנְד נָאךְ דִיזֶע טֶעג אִיז זֵיין ווַייבּ
אֱלִישֶׁבַע שְׁוַואנְגֶער גֶעוָוארֶען. אוּנְד זִיא
הָאט זִיךְ פֶערְבָּארְגֶען פִינְף מָאנַאט,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט:
25 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גָאט צוּ מִיר
גֶעטְהוּן אִין דֶער צֵייט וֶוען עֶר הָאט
מִיךְ אָנְגֶעזֶעהֶען, אַז עֶר זָאל אַוֶועקְ־
גֶעמֶען מֵיינֶע שַׁאנְד פוּן צְווִישֶׁען דִיא
לֵייט:
26 אוּנְד אִים זֶעקְסְטֶען חוֹדֶשׁ אִיז דֶער
מַלְאָךְ גַבְרִיאֵל גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען פוּן
גָאט צוּ אֵיינֶע שְׁטָאט אִין גָלִיל, וָואס
הֵייסְט נָצְרַת:
27 צוּ אֵיינֶע יוּנְגפְרוֹיא, וָואס ווַאר
אֵיינֶע כַּלָה צוּ אֵיין מַאן וָואס הָאט
גֶעהֵייסֶען יוֹסֵף, פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דָוִד,
אוּנְד דִיא יוּנְגְפְרוֹי הָאט גֶעהֵייסֶען
מִרְיָם:
23 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ אִיז צוּ אִיהְר
גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זֵייא גֶע־
גְרִיסְט, דוּא לֵייטְזֶעלִיגֶע. דֶער הַאר
גָאט אִיז מִיט דִיר. דוּא בִּיסְט גֶע־
בֶּענְשְׁט צְווִישֶׁען דִיא ווַייבֶּער:
29 אוּנְד וֶוען זִיא הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען,
אַזוֹי ווַאר זִיא דֶערְשְׁרָאקֶען אִיבֶּער
זֵיינֶע רֵייד. אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט,
וָואס פַאר אֵיין גְרִיס אִיז דָאס?
30 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ אִיהְר
גֶעזָאגְט, פָארְכְט דִיךְ נִיט, מִרְיָם, וָוארִין
דוּא הָאסְט גֶעפוּנֶען גְנָאד בֵּייא גָאט:
31 אוּנְד, זֶעה, דוּא וֶועסְט שְׁוַואנְגֶער
ווֶערֶען, אוּנְד וֶועסְט גֶעווִינֶען אֵיין זוּהְן,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵיין נָאמֶען רוּפֶען
יֵשׁוּעַ:
32 עֶר וֶועט זֵיין גְרוֹיס, אוּנְד וֶועט
אָנְגֶערוּפֶען ווֶערֶען דֶער זוּהְן פוּן דֶעם
אֵייבֶּערְשְׁטֶען. אוּנְד דֶער הַאר גָאט
וֶועט אִיהְם גֶעבֶּען דֶעם שְׁטוּהְל פוּן
זֵיין פָאטֶער דָוִד:
33 אוּנְד עֶר וֶועט קֶענִיגֶען אִיבֶּער דֶעם

הויז פוּן יַעֲקֹב אויף אֵייבִּיג, אוּנְד צוּ
זַיין קֶענִיגְרֵייךְ וֶועט קֵיין עֶנְד נִיט זַיין:
34 אוּנְד מִרְיָם הָאט צוּם מַלְאָךְ גֶע־
זָאגְט, וִויא אַזוֹי וֶועט דָאס גֶעשֶׁעהֶען,
דֶען אִיךְ קֶען נִיט קֵיין מַאן?
35 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, דֶער רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ וֶועט אויף דִיר קוּמֶען, אוּנְד
דִיא מַאכְט פוּן דֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶען וֶועט
דִיךְ בֶּעדֶעקֶען. דְרוּם וֶועט אויךְ דָאס
הֵיילִיגֶע, וָואס וֶועט פוּן דִיר גֶעבּוֹירֶען
וֶוערֶען, אָנְגֶערוּפֶען וֶוערֶען דֶער זוּהְן
פוּן גָאט:
36 אוּנְד זֶעה, דֵיינֶע פְרֵיינְדִין אֱלִישֶׁבַע
אִיז אויךְ שְׁוַואנְגֶער גֶעוָוארֶען מִיט אֵיין
זוּהְן אויף אִיהְרֶע עֶלְטֶער; אוּנְד דָאס
אִיז דֶער זֶעקְסְטֶער חוֹדֶשׁ בֵּייא אִיהְר,
וֶועלְכֶע וַואר אֵיינֶע אוּמְטְרַאכְטֶערִין
(עֲקָרָה):
37 וָוארִין בֵּייא גָאט אִיז קֵיינֶע זַאךְ
נִיט אוּנְמֶעגְלִיךְ:
38 אוּנְד מִרְיָם הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה,
אִיךְ בִּין דִיא דִינְסְט פוּן דֶעם הַאר גָאט.
לָאז עֶס מִיר גֶעשֶׁעהֶען אַזוֹי וִויא דוּא
הָאסְט גֶעזָאגְט. אוּנְד דֶער מַלְאָךְ אִיז
פוּן אִיהְר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען:
39 אוּנְד מִרְיָם אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין
דִיזֶער צֵייט, אוּנְד אִיז גֶעשְׁווינְד גֶעגַאנְגֶען
צוּם גֶעבִּירְג צוּ דֶער שְׁטָאט פוּן יְהוּדָה:
40 אוּנְד זִיא אִיז אַרֵיין גֶעקוּמֶען אִין
דֶעם הויז פוּן זְכַרְיָהוּ, אוּנְד הָאט
אֱלִישֶׁבַע גֶעגְרִיסְט:
41 אוּנְד עֶס וַואר וִויא אֱלִישֶׁבַע הָאט
גֶעהֶערְט דֶעם גְרוּס פוּן מִרְיָם, אִיז דָאס
קִינְד גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אִין אִיהְר לֵייבּ. אוּנְד
אֱלִישֶׁבַע וַואר דֶערְפִילְט מִיט דֶעם רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ:
42 אוּנְד זִיא הָאט אויסְגֶערוּפֶען מִיט
אַ שְׁטַארְק קוֹל אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
גֶעבֶּענְשְׁט בִּיסְט דוּא צְווִישֶׁען דִיא
ווייבֶּער, אוּנְד גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דִיא פְרוּכְט
פוּן דֵיין לֵייבּ:
43 אוּנְד וִויא קוּמְט דָאס צוּ מִיר, אַז
דִיא מוּטֶער פוּן מֵיין הַאר זָאל צוּ מִיר
קוּמֶען?
44 וָוארִין אַזוֹי בַּאלְד וִויא דִיא שְׁטִימֶע
פוּן דֵיין גְרוּס אִיז צוּ מֵיינֶע אוֹירֶען
גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט דָאס קִינְד גֶע־
שְׁפְּרוּנְגֶען אִין מֵיין לֵייבּ פַאר פְרֵייד:
45 אוּנְד וָואוֹיל אִיז אִיהְר וָואס גְלוֹיבְּט,
וָוארִין עֶס וֶועט דֶערְפִילְט וֶוערֶען דָאס
וָואס אִיז צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט פוּן דֶעם
הַאר גָאט:
46 אוּנְד מִרְיָם הָאט גֶעזָאגְט, מֵיינֶע
זֵייל דֶערְהֵייבְט דֶעם הַאר גָאט:
47 אוּנְד מֵיין גֶעמִיט הָאט זִיךְ גֶע־
פְרֵייעֶט אִין גָאט מֵיין הֶעלְפֶער:
48 וָוארִין עֶר הָאט אָנְגֶעזֶעהֶען דִיא
נִידְרִיגְקֵייט פוּן זֵיינֶע דִינְסְטמוֹיד. וָוארִין
פוּן יֶעצְט אָן וֶועלֶען מִיךְ אַלֶע דוֹרוֹת
לוֹיבֶּען:
49 וָוארִין דֶער־אַלְמֶעכְטִיגֶער הָאט אָן
מִיר גֶעטְהוּן גְרוֹיסֶע זַאכֶען, אוּנְד זֵיין
נָאמֶען אִיז הֵיילִיג:
50 אוּנְד זֵיינֶע גְנָאד אִיז צוּ דִיא וָואס
פָארְכְטֶען זִיךְ פַאר אִיהְם, פוּן אֵיין
גֶעשְׁלֶעכְט צוּם אַנְדֶערֶען:
51 עֶר הָאט גֶעטְהוּן גְבוּרוֹת מִיט זֵיין
אָרֶעם. עֶר הָאט צֶערְשְׁפְּרֵייט דִיא
הָאכְמִיטִיגֶען אִין דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן
זֵייעֶר הַארְץ:
52 עֶר הָאט אַרוּפְגֶעוָוארְפֶען דִיא
מֶעכְטִיגֶע פוּן זֵייעֶרֶע שְׁטוּהְלֶען, אוּנְד
הָאט דֶערְהוֹיבֶּען דִיא נִידְרִיגֶע:

53 דִיא הוּנְגְרִיגֶע הָאט עֶר גֶעזֶעטִיגְט
מִיט גוּטֶע זַאכֶען, אוּנְד דִיא רֵייכֶע הָאט
עֶר לֵיידִיג אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט:
54 עֶר הָאט גֶעהָאלְפֶען זֵיין קְנֶעכְט
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד הָאט גֶעדֶענְקְט אָן זֵיינֶע
בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט:
55 אַזוֹי וְויא עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ
אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, אַבְרָהָם אוּנְד זֵיינֶע
קִינְדֶער אוֹיף אֵייבִּיג:
56 אוּנְד מִרְיָם הָאט זִיךְ בֵּייא אִיהְר
אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען אֵיין עֶרֶךְ פוּן דְרֵייא
מָאנַאט, אוּנְד הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט צוּ
אִיהְר הוֹיז:
57 אוּנְד צוּ אֱלִישֶׁבַע וַואר דִיא צֵייט
דֶערְפִילְט אַז זִיא זָאל גֶעוִוינֶען, אוּנְד
זִיא הָאט גֶעווָאוּנֶען אֵיין זוּהְן:
58 אוּנְד אִיהְרֶע שְׁכֵנִים אוּנְד קְרוֹבִים
הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז דֶער הַאר גָאט
הָאט מִיט אִיהְר גְרוֹיס חֶסֶד גֶעטְהוּן,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ מִיט אִיהְר
גֶעפְרֵייט:
59 אוּנְד עֶס וַואר אִים אַכְטֶען טָאג
זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען דָאס קִינְד מַל צוּ
זֵיין, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶערוּפֶען
זְכַרְיָהוּ, נָאךְ זֵיין פָאטֶער'ס נָאמֶען:
60 אָבֶּער זֵיינֶע מוּטֶער הָאט גֶע־
עֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, נִיט
אַזוֹי, נֵייעֶרְט עֶר זָאל גֶערוּפֶען וֶוערֶען
יוֹחָנָן:
61 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְר גֶע־
זָאגְט, דָא אִיז קֵיינֶער נִיט אִין דֵיינֶע
מִשְׁפָּחָה וָואס הֵייסְט בֵּייא דִיזֶען נָאמֶען:
62 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעוִוינְקְט צוּ זֵיין
פָאטֶער וָואס פַאר אֵיין נָאמֶען עֶר וִויל
אִיהְם גֶעבֶּען:
63 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְלַאנְגְט אֵיין
שְׁרֵייבְּטָאוֶועל, אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זֵיין נָאמֶען אִיז
יוֹחָנָן; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע
פֶערְוְואוּנְדֶערְט:
64 אוּנְד זֵיין מוֹיל אוּנְד צוּנְג וַוארֶען
בַּאלְד אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט
גֶערֶעט אוּנְד הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט:
65 אוּנְד אֵיינֶע פוּרְכְט אִיז גֶעפַאלֶען
אוֹיף אַלֶע זֵיירֶע שְׁכֵנִים. אוּנְד דִיזֶע
זַאכֶען וַוארֶען דֶערְצֵיילְט אִין דֶער גַאנְ־
צֶען גֶעגֶענְד פוּן יְהוּדָה:
66 אוּנְד אַלֶע וָואס הָאבֶּען דָאס גֶע־
הֶערְט, הָאבֶּען עֶס זִיךְ צוּ הַארְץ גֶע־
נוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס פַאר
אֵיין קִינְד וֶועט דָאס זֵיין? אוּנְד דִיא
הַאנְד פוּן דֶעם הַאר גָאט וַואר מִיט
אִיהְם:
67 אוּנְד זֵיין פָאטֶער זְכַרְיָהוּ וַואר
דֶערְפִילְט מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּנְד
הָאט נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט אוּנְד הָאט גֶע־
זָאגְט:
68 גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער הַאר גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל, וָוארִין עֶר הָאט בֶּעזוּכְט אוּנְד
הָאט אוֹיסְגֶערֶעדְלֵייזְט זֵיין פָאלְק:
69 אוּנְד הָאט אוּנְס אוֹיפְגֶערִיכְט אֵיין
הָארְן פוּן הִילְפֶע אִין דֶעם הוֹיז פוּן
זֵיין קְנֶעכְט דָוִד:
70 אַזוֹי וְויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט דוּרְךְ
דֶעם מוֹיל פוּן זֵיינֶע הֵיילִיגֶע נְבִיאִים
פוּן אֵייבִּיג אָן:
71 אַז מִיר זָאלֶען נִיצוֹל וֶוערֶען פוּן
אוּנְזֶערֶע פֵיינְד, אוּנְד פוּן דִיא הֶענְד
וָואס הַאסֶען אוּנְס:
72 אַז עֶר זָאל טְהוּן חֶסֶד מִיט אוּנְזֶערֶע
אָבוֹת, אוּנְד זָאל גֶעדֶענְקֶען זֵיין הֵיילִי־
גֶען בְּרִית:
73 דִיא שְׁבוּעָה וָואס עֶר הָאט גֶע־
שְׁווָאוִירֶען צוּ אוּנְזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם:

74 אַז עֶר זָאל אוּנְס גֶעבֶּען אַז מִיר
זָאלֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען פוּן דִיא
הֶענְד פוּן אוּנְזֶערֶע פֵיינְד, אוּנְד זָאלֶען
אִיהְם דִינֶען אָהְן פוּרְכְט:
75 אִין הֵיילִיגְקֵייט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט פָאר אִיהְם, אַלֶע טֶעג פוּן
אוּנְזֶער לֶעבֶּען:
76 אוּנְד דוּא, קִינְד, וֶועסְט גֶערוּפֶען
וֶוערֶען אַיין נָבִיא פוּן דֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶען,
וָוארִין דוּא וֶועסְט גֵיין פָאר דֶעם הַאר
גָאט, כְּדֵי זַיין וֶועג צוּ בֶּערֵייטֶען:
77 צוּ גֶעבֶּען דִיא קֶענְטְנִיס פוּן אֵיין
יְשׁוּעָה צוּ זַיין פָאלְק, דוּרְךְ דִיא פֶערְ־
גֶעבּוּנְג פוּן אִיהְרֶע זִינְדֶען:
78 דוּרְךְ דֶער בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט פוּן
אוּנְזֶער גָאט, מִיט וֶועלְכֶען דֶער אוּיפְ־
גַאנְג פוּן דֶער הֵייךְ הָאט אוּנְס בֶּעזוּכְט:
79 צוּ לֵייכְטֶען דִיא וָואס זִיצֶען אִין
דֶער פִינְסְטֶערְנִיס אוּנְד אִים שָׁאטֶען פוּן
טוֹיט, אוּנְד צוּ פִיהְרֶען אוּנְזֶערֶע פִּיס
אִין דֶעם וֶועג פוּן שָׁלוֹם:
80 אוּנְד דָאס קִינְד הָאט גֶעוַואקְסֶען,
אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אִין גֶעמִיט,
אוּנְד עֶר וַואר אִין דֶער מִדְבָּר בִּיז צוּם
טָאג וֶוען עֶר הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען צוּ
יִשְׂרָאֵל:

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד עֶס וַואר צוּ דִיזֶער צֵייט,
אַזוֹי אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אֵיין גֶעבָּאט פוּן
דֶעם קֵיסֶר אוּגוּסְטוּס אַז דִיא גַאנְצֶע
וֶועלְט זָאל גֶעשְׁטֵייעֶרְט וֶוערֶען:
2 אוּנְד דָאס וַואר דִיא עֶרְשְׁטֶע שְׁטֵייעֶר,
וֶוען קוּרֶענִי וַואר גוּבֶּערְנַאטָאר אִין
סוּרְיָא:
3 אוּנְד אַלֶע זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען גֶע־
שְׁטֵייעֶרְט צוּ וֶוערֶען, אִיטְלִיכֶער צוּ
זַיינֶע שְׁטָאט:
4 אוּנְד יוֹסֵף אִיז אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען פוּן
גָלִיל, פוּן דֶער שְׁטָאט נָצֶרֶת, נָאךְ
יְהוּדָה, צוּ אֵיינֶע שְׁטָאט פוּן דָוִד, וָואס
וֶוערְט אָנְגֶערוּפֶען בֵּית לֶחֶם (וָוארִין עֶר
וַואר פוּן דֶעם הויז אוּנְד דֶער מִשְׁפָּחָה
פוּן דָוִד):
5 אַז עֶר זָאל אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען וֶוערֶען
מִיט מִרְיָם זַיינֶע כַּלָה, אוּנְד זִיא וַואר
שְׁוַואנְגֶער:
6 אוּנְד עֶס וַואר וַוייל זֵייא זֶענֶען
דָארְטֶען גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי זֶענֶען אִיהְרֶע
טֶעג דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען אַז זִיא זָאל
גֶעווינֶען:
7 אוּנְד זִיא הָאט גֶעווינֶען אִיהְר
עֶלְצְטֶען זוּהְן, אוּנְד הָאט אִיהְם אֵיינְ־
גֶעווִיקֶעלְט אִין ווִינְדְלֶען, אוּנְד הָאט
אִיהְם אִין אֵיינֶע קְרָאטֶע אַרֵיינְגֶעלֵייגְט,
וָוארִין זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט קֵיין
אָרְט אִין דֶעם גַאסְטהויז:
8 אוּנְד דָא וַוארֶען פַּאסְטוּכֶערְס אִין
דִיזֶער גֶעגֶענְד, וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד הָאבֶּען גֶעהִיט
זֵיירֶע שָׁאף בֵּייא נַאכְט:
9 אוּנְד זֶעה, אֵיין מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר
גָאט אִיז בֵּייא זֵייא גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דֶעם הַאר גָאט
הָאט אַרוּם זֵייא גֶעשַׁיינְט, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען, זִיךְ זֶעהְר גֶעפָארְכְטֶען:
10 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, פָארְכְט אֵייךְ נִיט, וָוארִין אִיךְ
בְּרֶענְג אֵייךְ אֵיינֶע בְּשׂוֹרָה פוּן שִׂמְחָה,
וָואס וֶועט זַיין צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער:
11 וָוארִין אֵיין הֶעלְפֶער אִיז הַיינְט
צוּ אֵייךְ גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶער
שְׁטָאט פוּן דָוִד, וֶועלְכֶער אִיז דֶער
הַאר מָשִׁיחַ:
12 אוּנְד דָאס זָאלְט אִיהְר הָאבֶּען

פַאר אַיין צֵייכֶען. אִיהָר װֶעט דָאס
קִינְד גֶעפִינֶען אֵיינְגֶעװִיקֶעלְט אִין װִינְדֶר־
לֶען, אוּנְד עֶס לִיגְט אִין אֵיינֶע קְאַר־
רָאטֶע׃
13 אוּנְד דָא װַאר פְּלִיצְלִינְג מִיט דֶעם
מַלְאָךְ אֵיינֶע גְרוֹיסֶע שַׁאר פוּן הִימֶעל,
װָאס הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט גָאט, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט׃
14 כָּבוֹד צוּ גָאט אִין דֶער הֵייךְ,
אוּנְד פְרִידֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד
אֵיין גוּטֶער װִילֶען צוּ דִיא מֶענְשֶׁען׃
15 אוּנְד עֶס װַאר װֶען דִיא מַלְאָכִים
זֶענֶען פוּן זֵייא אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען אִין
הִימֶעל אַרַיין, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא פַּאסְ־
טוּכֶערְס גֶעזָאגְט אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען
לָאזֶען מִיר יֶעצְט גֵיין נָאךְ בֵּית לֶחֶם,
אוּנְד לָאזֶען מִיר זֶעהֶען דִיא זַאךְ װָאס
אִיז גֶעשֶׁעהֶען, װָאס דֶער הַאר גָאט
הָאט אוּנְס צוּ װִיסֶען גֶעטְהוּן׃
16 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אֵיילֶענְדִיג אַװֶעקְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפוּנֶען מִרְיָם
אוּנְד יוֹסֵף, אוּנְד דָאס קִינְד לִיגֶען אִין
אֵיינֶע קְרָאטֶע׃
17 װִיא זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען,
אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא פֶערְבְּרֵייטֶעט דִיא
זַאךְ װָאס װַאר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט װֶעגֶען
דִיזֶען קִינְד׃
18 אוּנְד אַלֶע װָאס הָאבֶּען דָאס גֶע־
הֶערְט הָאבֶּען זִיךְ פֶערְװוּנְדֶערְט אִיבֶּער
דֶעם װָאס דִיא פַּאסְטוּכֶערְס הָאבֶּען צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט׃
19 אָבֶּער מִרְיָם הָאט זִיךְ אַלֶע דִיזֶע
זַאכֶען אִין אַכְט גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט
דְרַאן גֶעדַאכְט אִין אִיהְר הַארְץ׃
20 אוּנְד דִיא פַּאסְטוּכֶערְס הָאבֶּען זִיךְ
אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעדַאנְקְט
אוּנְד גֶעלוֹיבְּט גָאט פַאר דִיא זַאכֶען
װָאס זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אוּנְד גֶע־
זֶעהֶען, אַזוֹי װִיא עֶס װַאר צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט׃
21 אוּנְד װֶען אַכְט טֶעג װַארֶען דֶערְ־
פִילְט אוּם דָאס קִינְד מַל צוּ זַיין, אַזוֹי
הָאט מֶען אִיהְם אַיין נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען
יֵשׁוּעַ, װָאס װַאר אָנְגֶעזָאגְט בֵּייא דֶעם
מַלְאָךְ אֵיידֶער עֶר אִיז נָאךְ עֶנְטְפַאנְגֶען
גֶעװָארֶען אִין דֶעם מוּטֶערְס לֵייבּ׃
22 אוּנְד װֶען דִיא טֶעג פוּן אִיהְרֶע
רֵיינִיגוּנְג װַארֶען דֶערְפִילְט נָאךְ דֶעם
גֶעזֶעץ פוּן מֹשֶׁה, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם
אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אַז זֵייא
זָאלֶען אִיהְם גֶעגֶעהְנֶען צוּם הַאר גָאט׃
23 (אַזוֹי װִיא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען
אִין דֶער תּוֹרָה פוּן דֶעם הַאר גָאט,
אַז אִיטְלִיכֶער זָכָר װָאס עֶפֶענְט דֶעם
מוּטֶערְלֵייבּ, זָאל גֶערוּפֶען װֶערֶען הֵיילִיג
צוּם הַאר גָאט)׃
24 אוּנְד זָאלֶען מַקְרִיב זַיין אֵיין קָרְבָּן,
אַזוֹי װִיא עֶס אִיז גֶעזָאגְט אִין דֶער
תּוֹרָה פוּן דֶ׳עם הַאר גָאט, אֵיין פָּאר
טוּרְטֶעל טוֹיבֶּען, אָדֶער צְװֵייא יוּנְגֶע
טוֹיבֶּען׃
25 אוּנְד, זֶעה, עֶס װַאר אֵיין מַאן אִין
יְרוּשָׁלַיִם, װָאס הָאט גֶעהֵייסֶען שִׁמְעוֹן;
אוּנְד דִיזֶער מַאן װַאר אֵיין צַדִיק אוּנְד
אֵיין גָאטֶספֶירְכְטִיגֶער, אוּנְד הָאט גֶע־
װַארְט אוֹיף דֶער נֶחָמָה פוּן יִשְׂרָאֵל;
אוּנְד דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ װַאר אוֹיף
אִיהְם׃
26 אוּנְד עֶס אִיז אִיהְם עֶנְטְפְּלֶעקְט
גֶעװָארֶען דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אַז
עֶר װֶעט נִיט זֶעהֶען דֶעם טוֹיט אֵיידֶער
עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם מָשִׁיחַ פוּן דֶעם
הַאר גָאט׃
27 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען דוּרְךְ דֶעם

רוּחַ אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרַיין. אוּנְד
װָען דִיא עֶלְטֶערֶען הָאבֶּען דָאס קִינְד
יֵשׁוּעַ אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט, אַז זַייא זָאלֶען
מִיט אִיהְם טְהוּן נָאךְ דֶעם מִנְהָג פוּן
דֶער תּוֹרָה׃
28 אַזוֹי הָאט עֶר עֶס אוֹיף דֶעם אָרֶעם
גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט׃
29 אַצוּנְד, הַאר, לָאזְט דוּא דַיין
קְנֶעכְט גֵיין אִין פְרִידֶען, נָאךְ דַיין װָארְט
נָאךְ׃
30 װָארִין מֵיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶע־
זֶעהֶען דַיינֶע יְשׁוּעָה׃
31 װָאס דוּא הָאסְט אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר
אַלֶע פֶעלְקֶער׃
32 אֵיין לִיכְט צוּ דֶערְלֵייכְטֶען דִיא
פֶעלְקֶער, אוּנְד דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן
דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל׃
33 אוּנְד יוֹסֵף אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער
הָאבֶּען זִיךְ פֶערְװְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער דִיא
זַאכֶען װָאס װַארֶען גֶערֶעט פוּן אִיהְם׃
34 אוּנְד שִׁמְעוֹן הָאט זַייא גֶעבֶּענְשְׁט,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ מִרְיָם זַיינֶע
מוּטֶער, זֶעה, עֶר אִיז גֶעזֶעצְט צוּם פַאל
אוּנְד אוֹיפְשְׁטַאנְד פוּן פִילֶע אִין יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד צוּ אֵיין צֵייכֶען װָאס װֶעט װִידֶער־
שְׁפְּרָאכֶען װֶערֶען׃
35 (אוּנְד דוּרְךְ דַיינֶע אֵייגֶענֶע זֵייל
װֶעט אֵיין שְׁװֶערְט דוּרְכְגֵיין.) דָאס דִיא
גֶעדַאנְקֶען פוּן פִילֶע הֶערְצֶער זָאלֶען
עָנְטפְּלֶעקְט װֶערֶען׃
36 אוּנְד דָא װַאר אֵיינֶע נְבִיאָה, חַנָּה
דִיא טָאכְטֶער פוּן פְּנוּאֵל, פוּן שֵׁבֶט
אָשֵׁר. זִיא װַאר שׁוֹין װֶעהְר אַלְט, אוּנְד
הָאט גֶעלֶעבְּט מִיט אֵיין מַאן זִיבֶּען
יָאהְר פוּן אִיהְר יוּנְגְפְרוֹיִשַׁאפְט׃
37 אוּנְד זִיא װַאר אֵיינֶע אַלְמָנָה קֶעגֶען
פִיר אוּנְד אַכְצִיג יָאהְר אַלְט, אוּנְד זִיא
הָאט נִיט אָפְּגֶעקֶערְט פוּן בֵּית הַמִקְדָשׁ,
גֵייעֶרְט זִיא הָאט גָאט גֶעדִינְט מִיט
פַאסְטֶען אוּנְד תְּפִלּוֹת טָאג אוּנְד נַאכְט׃
38 אוּנְד זִיא אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען צוּ
דֶער זֶעלְבִּיגֶער שָׁעָה, אוּנְד הָאט גֶע־
דַאנְקְט דֶעם הַאר גָאט אוּנְד הָאט פוּן
אִיהְם גֶערֶעט צוּ אַלֶע װָאס הָאבֶּען
גֶעװַארְט פַאר אֵיינֶע אוֹיסְדֶערְלֵייזוּנְג
אִין יְרוּשָׁלַיִם׃
39 אוּנְד װָען זַייא הָאבֶּען אַלֶעס
דֶערְפִילְט נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ פוּן דֶעם
הַאר גָאט, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ אוּמְ־
גֶעקֶערְט נָאךְ גָלִיל צוּ זֵייעֶר שְׁטָאט
נָצְרֶת׃
40 אוּנְד דָאס קִינְד הָאט גֶעװַאקְסֶען,
אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אִין גֶעמִיט,
אוּנְד װַאר דֶערְפִילְט מִיט חָכְמָה, אוּנְד
גָאט'ס גְנָאד װַאר אוֹיף אִיהְם׃
41 אוּנְד זַיינֶע עֶלְטֶערֶען זֶענֶען אַלֶע
יָאהְר גֶעגַאנְגֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם צוּ הַאלְ־
טֶען חַג הַפֶּסַח׃
42 אוּנְד װָען עֶר װַאר צְװֶעלְף יָאהְר
אַלְט, אַזוֹי זֶענֶען זַייא אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם נָאךְ דֶעם מִנְהָג פוּן יוֹם
טוֹב׃
43 אוּנְד װָען דִיא טֶעג װַארֶען גֶע־
עֶנְדִיגְט אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְ־
גֶעקֶערְט, אַזוֹי אִיז דָאס קִינְד יֵשׁוּעַ
צוּרִיק גֶעבְּלִיבֶּען אִין יְרוּשָׁלַיִם. אוּנְד
יוֹסֵף אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער הָאבֶּען עֶס
נִיט גֶעװְואוּסְט׃
44 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען גֶעדַאכְט אַז
עֶר אִיז צְװִישֶׁען דִיא אוֹרְחִים, אוּנְד
זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אֵיין טָאג רֵייזֶע;
אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט צְװִישֶׁען
זֵייעֶרֶע פְרֵיינְד אוּנְד בֶּעקַאנְטֶע׃

45 אוּנְד װֶען זַייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט
גֶעפוּנֶען, אַזוֹי זֶענֶען זַייא צוּרִיקְגֶעגַאנְ־
גֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
גֶעזוּכְט׃
46 אוּנְד עֶס װַאר נָאךְ דְרֵייא טֶעג,
הָאבֶּען זַייא אִיהְם גֶעפוּנֶען אִין בֵּית
הַמִקְדָשׁ צְװִישֶׁען דִיא מְלַמְדִים, אוּנְד עֶר
הָאט זַייא צוּגֶעהֶערְט אוּנְד הָאט זַייא
קַשְׁיוֹת גֶעפְרֶעגְט׃
47 אוּנְד אַלֶע װָאס הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
הֶערְט הָאבֶּען זִיךְ פֶערְװְאוּנְדֶערְט אִיבֶּער
זַיין פֶערְשְׁטַאנְד אוּנְד זַיינֶע תְּשׁוּבוֹת׃
48 אוּנְד װִיא זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
זֶעהֶען הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶעװְאוּנְדֶערְט,
אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, מֵיין זוּהְן, װָארוּם הָאסְט דוּא
אוּנְס דָאס גֶעטְהוּן? זֶעה, דֵיין פָאטֶער
אוּנְד אִיךְ הָאבֶּען זִיךְ מְצַעֵר גֶעװֶעזֶען
אוּנְד הָאבֶּען דִיךְ גֶעזוּכְט׃
49 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
װָאס אִיז דָאס װָאס אִיהְר הָאט מִיךְ
גֶעזוּכְט? װייסְט אִיהְר נִיט אַז אִיךְ מוּס
זַיין אִין מֵיין פָאטֶערְס הױז?
50 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט פֶערְ־
שְׁטַאנֶען דִיא זַאךְ װָאס עֶר הָאט צוּ
זַייא גֶערֶעט׃
51 אוּנְד עֶר אִיז מִיט זַייא אַרוּפְגֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ נָצְרֶת,
אוּנְד עֶר הָאט זַייא צוּגֶעהַארְכְט; אוּנְד
זַיינֶע מוּטֶער הָאט אַלֶע דִיזֶע רֵייד בֶּע־
הַאלְטֶען אִין אִיהְר הַארְץ׃
52 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ גֶעמֶעהְרְט
אִין חָכְמָה אוּנְד אִין גֶעשְׁטַאלְט, אוּנְד
אִין גְנָאד מִיט גָאט אוּנְד מֶענְשֶׁען׃

## קאפיטעל ג

1 אוּנְד אִים פִינְפְצֶענְטֶען יָאהְר פוּן
דֶער רֶעגִירוּנְג פוּן דֶעם קֵיסֶער טִיבֶּריוּס,
װֶען פָּנְטִיוּס פִּילָטוּס װַאר גוּבֶּערְנַאטָאר
אִין יְהוּדָה, אוּנְד הוֹרְדוּס דֶער טֶטְרַרְכִים
פוּן גָלִיל, אוּנְד זַיין בְּרוּדֶער פִילִיפּוּס
דֶער טֶטְרַרְכִים פוּן אִיטוּרְיָא אוּנְד פוּן
לַאנְד טְרַאכוֹנָא, אוּנְד לוּזַאנְיָא דֶער
טֶטְרַרְכִים פוּן אַבִּילֶענָא׃
2 װֶען חָנָן אוּנְד קַיָפָא װַארֶען דִיא
רָאשֵׁי כֹּהֲנִים, אַזוֹי אִיז דָאס װָארְט פוּן
גָאט גֶעקוּמֶען צוּ יוֹחָנָן, דֶעם זוּהְן פוּן
זְכַרְיָהוּ, אִין דֶער מִדְבָּר׃
3 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶער
גַאנְצֶער גֶעגֶענְד פוּן יַרְדֵן, אוּנְד הָאט
גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא טוֹיפֶע פוּן תְּשׁוּבָה צוּר
פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְדֶען׃
4 אַזוֹי װִיא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין
דֶעם סֵפֶר פוּן דִיא רֵייד פוּן יְשַׁעְיָה
הַנָבִיא, דֶער דָא זָאגְט, אַ קוֹל שְׁרֵייעֶט
אִין דֶער מִדְבָּר, מַאכְט פֶערְטִיג דֶעם
װֶעג פוּן הַאר גָאט, מַאכְט גְלֵייךְ זַיינֶע
שְׁטֶעגֶען׃
5 אִיטְלִיכֶעס טָאל װֶעט אָנְגֶעפִילְט
װֶערֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶער בַּארְג אוּנְד
הֵייךְ װֶעלֶען דֶערְנִידְרִיגְט װֶערֶען, אוּנְד
דֶער קְרִימֶער װֶעג װֶעט גְלֵייךְ װֶערֶען,
אוּנְד דִיא שְׁלֶעכְטֶע װֶעגֶען װֶעלֶען גְלַאט
װֶערֶען׃
6 אוּנְד אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ װֶעט זֶעהֶען
דִיא יְשׁוּעָה פוּן גָאט׃
7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּם פָאלְק
װָאס זֶענֶען גֶעקוּמֶען כְּדֵי זִיךְ בֵּייא
אִיהְם צוּ לָאזֶען טוֹיפֶען, אִיהְר קִינְדֶער
פוּן שְׁלַאנְגֶען, װֶער הָאט אֵייךְ גֶעװָארְנְט
אַז אִיהְר זָאלְט עֶנְטְרִינֶען פוּן דֶעם
גְרִימְצָארְן װָאס װֶעט קוּמֶען׃
8 דְרוּם טְרָאגְט פְרוּכְט אַזוֹי װִיא עֶס
גֶעהֶערְט צוּ זַיין דוּרְךְ תְּשׁוּבָה טְהוּן;
אוּנְד הֵייבְּט נִיט אָן צוּ זָאגֶען, מִיר

הָאבֶּען אַבְרָהָם פַאר אוּנְזֶער פָאטֶער.
וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז גָאט קֶען פוּן
דִיזֶע שְׁטֵיינֶער אוֹיפְשְׁטֶעלֶען קִינְדֶער צוּ
אַבְרָהָם׃
9 אוּנְד דִיא הַאק לִיגְט שָׁאן בֵּייא
דֶער וָוארְצֶעל פוּן דִיא בֵּיימֶער. דְרוּם
אִיטְלִיכֶער בּוֹים וָואס טְרָאגְט נִיט קֵיינֶע
גוּטֶע פְרוּכְט, וֶוערְט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען, אוּנְד
אִין דֶעם פֵייעֶר אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען׃
10 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט אִיהְם גֶע־
פְרֶעגְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וָואס זָאלֶען
מִיר דֶען טְהוּן?
11 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער וָואס הָאט
צְווייא רֶעק, לָאז עֶר גֶעבֶּען צוּ דֶעם
וָואס הָאט קֵיינְס נִיט. אוּנְד דֶער וָואס
הָאט עֶסֶענְוַוארְג, לָאז עֶר אוֹיךְ אַזוֹי
טְהוּן׃
12 דֶערְנָאךְ זֶענֶען דִיא מוֹכְסִים גֶע־
קוּמֶען זֵייא זָאלֶען זִיךְ לָאזֶען טוֹיפֶען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
רַבִּי, וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן?
13 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
נֶעמְט נִיט מֶעהְר ווִיא עֶס אִיז אֵייךְ
אוֹיסְגֶעזֶעצְט׃
14 אוּנְד דִיא זֶעלְנֶער הָאבֶּען אִיהְם
אוֹיךְ גֶעפְרֶעגְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
אוּנְד וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן? אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, טְהוּט קֵיינֶעם נִיט
קֵיין גֶעוַואלְט, אוּנְד גִיבְּט קֵיינֶעם נִיט
אָן פַאלְשֶׁערְהֵייט, אוּנְד זֵייט צוּפְרִידֶען
מִיט אֵיירֶע שְׂכִירוּת׃
15 אוּנְד דִיא לֵייט הָאבֶּען גֶעהָאפְט,
אוּנְד אַלֶע הָאבֶּען גֶעדַאכְט אִין זֵיירֶע
הֶערְצֶער וֶועגֶען יוֹחָנָן, אוֹיבּ עֶר אִיז נִיט
דֶער מָשִׁיחַ׃
16 אוּנְד יוֹחָנָן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַלֶע, אִיךְ טוֹיפֶע אֵייךְ
מִיט וַואסֶער, אָבֶּער עֶס קוּמְט אֵיין
שְׁטַארְקֶערֶער פוּן מִיר, וָואס אִיךְ בִּין נִיט
וֶוערְט אוֹיפְצוּבִּינְדֶען דָאס לֶעפֶעל פוּן
זֵיינֶע שִׁיךְ, עֶר וֶועט אֵייךְ טוֹיפֶען מִיט
דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּנְד מִיט פֵייעֶר׃
17 עֶר הָאט זֵיינֶע שׁוֹיפֶעל אִין דֶער
הַאנְד, אוּנְד עֶר וֶועט זֵיינֶע שֵׁייעֶר גוּט
אוֹיסְרֵיינִיגֶען, אוּנְד וֶועט דָאס קָארְן
אֵיינְזַאמְלֶען אִין זֵיינֶע שְׁפֵּייכְלֶערְס אַרֵיין,
אוּנְד דָאס שְׁטְרוֹיא וֶועט עֶר פֶערְ־
בְּרֶענֶען אִים פֵייעֶר וָואס וֶוערְט נִיט
פֶערְלָאשֶׁען׃
18 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעוָוארֶענְט
וֶועגֶען פִילֶע אַנְדֶערֶע זַאכֶען, אוּנְד הָאט
צוּ דִיא לֵייט גֶעפְּרֶעדִיגְט׃
19 אָבֶּער הוֹרְדוֹס דֶער טֶטְרַרְכִים,
וֶוען עֶר וַואר פוּן אִיהְם גֶעשְׁטְרָאפְט
וֶועגֶען הוֹרוֹדְיָא, דָאס ווייבּ פוּן זֵיין
בְּרוּדֶער פִילִיפּוּס, אוּנְד וֶועגֶען אַלֶעס
בֵּייזֶען וָואס הוֹרְדוֹס הָאט גֶעטְהוּן׃
20 הָאט עֶר דָאס נָאךְ אִיבֶּער אַלֶעם
צוּגֶעזֶעצְט, דָאס עֶר הָאט יוֹחָנָן אִיבֶּער־
גֶעלִיפֶערְט אִים גֶעפֶענְקְנִיס אַרֵיין׃
21 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען אַלֶע לֵייט
הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט טוֹיפֶען, אַזוֹי הָאט
זִיךְ יֵשׁוּעַ אוֹיךְ גֶעלָאזְט טוֹיפֶען, אוּנְד
וֶוען עֶר הָאט מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי
הָאט זִיךְ דֶער הִימֶעל אוֹיפְגֶעמַאכְט׃
22 אוּנְד דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אִיז אוֹיף
אִיהְם אַרוּפְגֶעקוּמֶען אִין אַ לֵייבְּלִיכֶער
גֶעשְׁטַאלְט, ווִיא אֵיינֶע טוֹיבּ. אוּנְד דָא
וַואר אֵיינֶע שְׁטִימֶע פוּן דֶעם הִימֶעל.
וָואס הָאט גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט מֵיין
גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן, עֶס אִיז מִיר אִין דִיר
וָואוֹילְגֶעפַאלֶען׃
23 אוּנְד יֵשׁוּעַ אַלֵיין הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען


צוּ

צוּ זַיין אִים דְרַייסִיגְסְטֶען יָאהְר, אוּנְד
וַואר (ווִיא מֶען הָאט אִיהְם גֶעהַאלְטֶען)
דֶער זוּהְן פוּן יוֹסֵף, וָואס וַואר דֶער
זוּהְן פוּן עֵלִי:
24 וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן מַתָּת,
וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן לֵוִי, וָואס וַואר
דֶער זוּהְן פוּן מַלְכִּי, וָואס וַואר דֶער
זוּהְן פוּן יַנַּי, וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן
יוֹסֵף:
25 וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן מַתִּתְיָהוּ,
וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן אָמוֹץ, וָואס
וַואר דֶער זוּהְן פוּן נַחוּם, וָואס וַואר
דֶער זוּהְן פוּן חֶסְלִי, וָואס וַואר דֶער
זוּהְן פוּן נַגַּי:
26 וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן מַחַת,
וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן מַתִּתְיָהוּ, וָואס
וַואר דֶער זוּהְן פוּן שִׁמְעִי, וָואס וַואר
דֶער זוּהְן פוּן יוֹסֵף, וָואס וַואר דֶער
זוּהְן פוּן יוֹדָה:
27 וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן יוֹחָנָן,
וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן רֵישָׁע, וָואס
וַואר דֶער זוּהְן פוּן זְרֻבָּבֶל, וָואס וַואר
דֶער זוּהְן פוּן שְׁאַלְתִּיאֵל, וָואס וַואר
דֶער זוּהְן פוּן נֵרִי:
28 וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן מַלְכִּי,
וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן אַדִּי, וָואס
וַואר דֶער זוּהְן פוּן קוֹסָם, וָואס וַואר
דֶער זוּהְן פוּן אַלְמוֹדָם, וָואס וַואר דֶער
זוּהְן פוּן עֵר:
29 וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן יוֹסֵי,
וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן אֱלִיעֶזֶר, וָואס
וַואר דֶער זוּהְן פוּן יוֹרִים, וָואס וַואר
דֶער זוּהְן פוּן מַתָּת, וָואס וַואר דֶער
זוּהְן פוּן לֵוִי:
30 וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן שִׁמְעוֹן,
וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן יְהוּדָה, וָואס
וַואר דֶער זוּהְן פוּן יוֹסֵף, וָואס וַואר
דֶער זוּהְן פוּן יוֹנָם, וָואס וַואר דֶער
זוּהְן פוּן אֶלְיָקִים:
31 וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן מַלְאָה,
וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן מַנָּא, וָואס
וַואר דֶער זוּהְן פוּן מַתַּתָּא, וָואס וַואר
דֶער זוּהְן פוּן נָתָן, וָואס וַואר דֶער זוּהְן
פוּן דָוִד:
32 וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן יִשַׁי, וָואס
וַואר דֶער זוּהְן פוּן עוֹבֵד, וָואס וַואר
דֶער זוּהְן פוּן בּוֹעַז, וָואס וַואר דֶער
זוּהְן פוּן שַׂלְמוֹן, וָואס וַואר דֶער זוּהְן
פוּן נַחְשׁוֹן:
33 וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן עַמִּינָדָב,
וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן אֲרָם, וָואס
וַואר דֶער זוּהְן פוּן חֶצְרוֹן, וָואס וַואר
דֶער זוּהְן פוּן פֶּרֶץ, וָואס וַואר דֶער
זוּהְן פוּן יְהוּדָה:
34 וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן יַעֲקֹב, וָואס
וַואר דֶער זוּהְן פוּן יִצְחָק, וָואס וַואר
דֶער זוּהְן פוּן אַבְרָהָם, וָואס וַואר דֶער
זוּהְן פוּן תָּרַח, וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן
נָחוֹר:
35 וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן שְׂרוּג,
וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן רְעוּ, וָואס וַואר
דֶער זוּהְן פוּן פֶּלֶג, וָואס וַואר דֶער זוּהְן
פוּן עֵבֶר, וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן שָׁלַח:
36 וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן קֵינָן, וָואס
וַואר דֶער זוּהְן פוּן אַרְפַּכְשַׁד, וָואס וַואר
דֶער זוּהְן פוּן שֵׁם, וָואס וַואר דֶער זוּהְן
פוּן נֹחַ, וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן לֶמֶךְ:
37 וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן מְתוּשֶׁלַח,
וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן חֲנוֹךְ, וָואס
וַואר דֶער זוּהְן פוּן יֶרֶד, וָואס וַואר דֶער
זוּהְן פוּן מַהֲלַלְאֵל, וָואס וַואר דֶער זוּהְן
פוּן קֵינָן:
38 וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן אֱנוֹשׁ,
וָואס וַואר דֶער זוּהְן פוּן שֵׁת, וָואס

וואַר דֶער זוּהְן פוּן אָדָם, וָואס וואַר
דֶער זוּהְן פוּן גָאט:

קאפיטעל ד

1 אוּנְד יֵשׁוּעַ וואַר דֶערְפִילְט מִיט דֶעם
רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוּמְ־
גֶעקֶעהְרְט פוּן דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד וואַר
גֶעפִירְט בֵּייא דֶעם רוּחַ אִין דֶער מִדְבָּר
אַרַיין:
2 אוּנְד עֶר וואַר גֶעפְּרוּפְט בֵּייא דֶעם
שָׂטָן פֶערְצִיג טֶעג. אוּנְד אִין דִיזֶע טֶעג
הָאט עֶר גָאר נִיט גֶעגֶעסֶען. אוּנְד וֶוען
זַייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזְט, אַזוֹי וואַר
עֶר דֶערְנָאךְ הוּנְגְרִיג:
3 אוּנְד דֶער שָׂטָן הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, וֶוען דוּא בִּיסְט דֶער זוּהְן פוּן
גָאט, זָאג צוּ דִיזֶען שְׁטֵיין אַז עֶר זָאל
וֶוערֶען בְּרוֹיט:
4 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, עֶס שְׁטֵייט גֶע־
שְׁרִיבֶּען, דָאס דֶער מֶענְשׁ זָאל נִיט
לֶעבֶּען פוּן בְּרוֹיט אַלֵיין, נֵייעֶרְט פוּן
אִיטְלִיכֶען וָוארְט פוּן גָאט:
5 אוּנְד דֶער שָׂטָן הָאט אִיהְם אַרוֹיפְ־
גֶעפִירְט אוֹיף אֵיין הוֹיכֶען בַּארְג, אוּנְד
אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעוִויזֶען אַלֶע קֶענִיגְ־
רֵייכֶע פוּן דֶער וֶועלְט אִין אֵיין אוֹיגֶענְ־
בְּלִיק:
6 אוּנְד דֶער שָׂטָן הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, אִיךְ וִויל דִיר גֶעבֶּען דִיזֶע גַאנְצֶע
מַאכְט אוּנְד זֵיירֶע הֶערְלִיכְקֵייט, וָוארִין
עֶס אִיז מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען; אוּנְד אִיךְ
גִיב עֶס צוּ וֶועמֶען אִיךְ וִויל:
7 דְרוּם וֶוען דוּא וֶועסְט דִיךְ פַאר מִיר
בִּיקֶען, אַזוֹי וֶועט דָאס אַלֶעס דַיין זַיין:
8 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא אַוֶועק פוּן
מִיר, דוּא שָׂטָן; וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גֶע־
שְׁרִיבֶּען, דוּא זָאלְסְט דִיךְ בִּיקֶען צוּ דֶעם
הַאר דַיין גָאט, אוּנְד אִיהְם אַלֵיין זָאלְסְט
דוּא דִינֶען:
9 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעפִיהְרְט נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעשְׁטֶעלְט
אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא בִּיסְט
דֶער זוּהְן פוּן גָאט, וואַרְף דִיךְ פוּן הִיר
אַרוּנְטֶער:
10 וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, דָאס
עֶר וֶועט זַיינֶע מַלְאָכִים גֶעבִּיטֶען וֶועגֶען
דִיר, אַז זַייא זָאלֶען דִיךְ הִיטֶען:
11 אוּנְד זַייא וֶועלֶען דִיךְ אוֹיף דִיא
הֶענְד טְרָאגֶען, טָאמֶער וֶועסְט דוּא דַיין
פוּס אָנְשְׁטוֹיסֶען אָן אֵיין שְׁטֵיין:
12 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גֶע־
זָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט פְּרוּפֶען דֶעם
הַאר דַיין גָאט:
13 אוּנְד וֶוען דֶער שָׂטָן הָאט גֶעעֶנְ־
דִיגְט דִיא גַאנְצֶע פְּרִיפוּנְג, אַזוֹי אִיז עֶר
פוּן אִיהְם אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פַאר אֵיינֶע
צֵייט:
14 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
אִין דֶער מַאכְט פוּן דֶעם רוּחַ נָאךְ
גָלִיל. אוּנְד זַיין נָאמֶען אִיז בֶּעקַאנְט
גֶעוָוארֶען אִין דֶער גַאנְצֶען גֶעגֶענְד:
15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט אִין
זֵיירֶע שׁוּלֶען, אוּנְד וואַר גֶעלוֹיבְּט בֵּייא
אַלֶע:
16 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ נְצָרֶת,
וְואוּ עֶר וואַר אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען; אוּנְד עֶר
אִיז גֶעקוּמֶען אַם שַׁבָּת אִין שׁוּל אַרַיין,
וִויא זַיינֶע גֶעוואוֹינְהֵייט וואַר, אוּנְד אִיז
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען צוּ לֵייעֶנֶען:
17 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעגֶעבֶּען
דָאס סֵפֶר פוּן יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא. אוּנְד

וְויא עֶר הָאט דָאס בּוּךְ אוֹיפְגֶעמַאכְט,
הָאט עֶר גֶעפוּנֶען דֶעם אָרְט וְואוּ עֶס
שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען:
18 דֶער רוּחַ פוּן דֶעם הַאר גָאט אִיז
אוֹיף מִיר, וַוייל עֶר הָאט מִיךְ גֶעזַאלְבְּט
אוּם צוּ דִיא אָרְמֶע מְבַשֵּׂר צוּ זַיין; עֶר
הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט צוּ הֵיילֶען דִיא וָואס
הָאבֶּען אַיין צֶערְבְּרָאכֶען הַארְץ, צוּ
דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע פְרֵייהֵייט אוֹיסְצוּרוּפֶען,
דִיא בְּלִינְדֶע זֶעהֶענְדִיג צוּ מַאכֶען, דִיא
צֶערְשְׁלָאגֶענֶע פְרֵייא צוּ לָאזֶען:
19 אוּנְד צוּ פְּרֶעדִיגֶען דָאס בֶּעווִילִיגְטֶע
יָאהְר פוּן דֶעם הַאר גָאט:
20 אוּנְד עֶר הָאט דָאס סֵפֶר צוּזַא־
מֶענְגֶעלֵייגְט, אוּנְד הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען
צוּם חַזָן אוּנְד הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט.
אוּנְד דִיא אוֹיגֶען פוּן אַלֶע וָואס וַוארֶען
אִין דֶער שׁוּל הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם גֶע־
קוּקְט:
21 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זַייא
צוּ זָאגֶען, הֵיינְט אִיז דִיזֶע שְׁרִיפְט אִין
אֵיירֶע אוֹירֶען מְקוּיָם גֶעוָוארֶען:
22 אוּנְד אַלֶע הָאבֶּען אִיהְם צֵייגְנִיס
גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוָואוּנְ־
דֶערְט אִיבֶּער דִיא גֶעבֶּענְשְׁטֶע רֵייד וָואס
זֶענֶען פוּן זַיין מוֹיל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיז דָאס נִיט
דֶער זוּהְן פוּן יוֹסֵף?
23 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
אִיהְר וֶועט גֶעווִיס צוּ מִיר זָאגֶען דָאס
שְׁפְּרִיכְוָוארְט, רוֹפֵא, הֵייל דִיךְ זֶעלְבְּסְט.
וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז עֶס אִיז
גֶעשֶׁעהֶען אִין כְּפַר־נַחוּם, דָאס טְהוּא
אוֹיךְ הִיר אִין דֵיין פָאטֶערְלַאנְד:
24 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בְּאֶמֶת
זָאג אִיךְ אֵייךְ, קֵיין נָבִיא אִיז נִיט אָנְ־
גֶענוּמֶען אִין זַיין פָאטֶערְלַאנְד:
25 אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ בֶּאֱמֶת, דָא
וַוארֶען פִילֶע אַלְמָנוֹת אִין יִשְׂרָאֵל אִין
דִיא טֶעג פוּן אֵלִיָהוּ, וָוען דֶער הִימֶעל
וַואר פֶערְשְׁלָאסֶען דְרֵייא יָאהְר אוּנְד
זֶעקְס חֳדָשִׁים, וֶוען עֶס וַואר אֵיין
גְרוֹיסֶער הוּנְגֶער אִים גַאנְצֶען לַאנְד:
26 אוּנְד צוּ קֵיינֶעם פוּן זַייא וַואר
אֵלִיָהוּ נִיט גֶעשִׁיקְט, נֵייעֶרְט נָאךְ צָרְפַת
אִין צִידוֹן, צוּ אֵיינֶע אַלְמָנָה:
27 אוּנְד פִילֶע מְצוֹרָעִים וַוארֶען אִין
יִשְׂרָאֵל צוּ דֶער צֵייט פוּן אֱלִישָׁע הַנָבִיא,
אוּנְד קֵיינֶער פוּן זַייא וַואר נִיט גֶע־
רֵיינִיגְט, נֵייעֶרְט נַעֲמָן דֶער אֲרַמִי:
28 אוּנְד זַייא וַוארֶען אַלֶע דֶערְפִּילְט
מִיט צָארְן אִין דֶער שׁוּל, וֶוען זַייא
הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט:
29 אוּנְד זַייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אוֹיס דֶער שְׁטָאט
אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעפִיהְרְט בִּיז צוּם שְׁפִּיץ פוּן דֶעם
בַּארְג, אוֹיף וֶועלְכֶען זֵיירֶע שְׁטָאט וַואר
גֶעבּוֹיעֶט, אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם אַרָאפְּ־
שְׁטוֹיסֶען:
30 אָבֶּער עֶר אִיז צְווִישֶׁען זַייא דוּרְכְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען:
31 אוּנְד עֶר אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען נָאךְ
כְּפַר־נָחוּם, אֵיינֶע שְׁטָאט אִין גָלִיל;
אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעלֶערְנְט אַם
שַׁבָּת:
32 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוָואוּנְ־
דֶערְט אִיבֶּער זַיינֶע לֶערְנוּנְג, וָוארִין
זַיינֶע רֵייד וַואר מִיט מַאכְט:
33 אוּנְד דָא וַואר אֵיין מַאן אִין דֶער
שׁוּל וָואס הָאט גֶעהַאט אֵיין רוּחַ פוּן
אֵיין אוּמְרֵיינֶען שֵׁד, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
שְׁרִיגֶען מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט:

34 לָאז אוּנְס גֵיין. וָואס הָאבֶּען מִיר
מִיט דִיר צוּ טְהוּן, דוּא יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי?
בִּיסְט דוּא גֶעקוּמֶען כְּדֵי אוּנְס צוּ פֶּערְ־
דַארְבֶּען? אִיךְ קֶען דִיךְ וֶוער דוּא
בִּיסְט, דֶער הֵיילִיגֶער פוּן גָאט:
35 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם אָנְגֶעשְׁרִיי־
גֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, שְׁווייג שְׁטִיל,
אוּנְד גֵייא אַרוֹיס פוּן אִיהְם. אוּנְד דֶער
שֵׁד הָאט אִיהְם גֶעוָוארְפֶען אִין דֶער
מִיטֶען אַרֵיין, אוּנְד אִיז פוּן אִיהְם
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם קֵיין
בֵּייז נִיט גֶעטְהוּן:
36 אוּנְד אֵיינֶע פוּרְכְט אִיז אוֹיף זֵייא
גֶעפַאלֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צְווִישֶׁען
זִיךְ גֶערֶעט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס
אִיז דָאס פַאר אֵיינֶע זַאךְ, דָאס עֶר
גֶעבִּיט דִיא אוּמְרֵיינֶע רוּחוֹת מִיט גֶע־
וַואלְט אוּנְד מִיט מַאכְט, אוּנְד זֵייא
קוּמֶען אַרוֹיס:
37 אוּנְד זֵיין נָאמֶען אִיז בֶּערִיהְמְט
גֶעוָוארֶען אִין אִיטְלִיכֶען אָרְט אִין דֶער
גֶעגֶענְד:
38 אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן
דֶער שׁוּל, אוּנְד אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין
דֶעם הוֹיז פוּן שִׁמְעוֹן. אוּנְד דִיא שְׁווִיגֶער
פוּן שִׁמְעוֹן אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיף אֵיין
גְרוֹיס קַדַחַת. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען וֶועגֶען אִיהְר:
39 אוּנְד עֶר אִיז אִיבֶּער אִיהְר גֶע־
שְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט דָאס קַדַחַת אָנְ־
גֶעשְׁרִיגֶען, אוּנְד עֶס הָאט זִיא פֶּערְלָאזְט.
אוּנְד זִיא אִיז בַּאלְד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּנְד הָאט זֵייא בֶּעדִינְט:
40 אוּנְד וֶוען דִיא זוּן אִיז אוּנְטֶערְגֶע־
גַאנְגֶען, אַזוֹי הָאבֶּען אַלֶע דִיא וָואס
הָאבֶּען גֶעהַאט קְרַאנְקֶע מִיט פֶּערְשִׁי־
דֶענֶע וֵוייטָאג, הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּרַאכְט
צוּ אִיהְם; אוּנְד עֶר הָאט אוֹיף יֶעדֶען
גֶעלֵייגְט דִיא הֶענְד, אוּנְד הָאט זֵייא
גֶעהֵיילְט:
41 אוּנְד פוּן פִילֶע זֶענֶען אוֹיךְ שֵׁדִים
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען
אוּנְד גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ,
דֶער זוּהְן פוּן גָאט; אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
אָנְגֶעשְׁרִיגֶען, אוּנְד הָאט זֵייא נִיט גֶער־
לָאזְט רֶעדֶען, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶע־
וְואוּסְט אַז עֶר אִיז דֶער מָשִׁיחַ:
42 אוּנְד וֶוען עֶס וַואר טָאג, אַזוֹי אִיז
עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען
צוּ אֵיין וִויסְטֶען אָרְט. אוּנְד דָאס פָאלְק
הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט, אוּנְד זֶענֶען צוּ
אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען אַז עֶר זָאל פוּן זֵייא נִיט
אַוֶועקְגֵיין:
43 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיךְ מוּס פְּרֶעדִיגֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט אוֹיךְ אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעט. וָוארִין
אִיךְ בִּין פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען גֶעשִׁיקְט:
44 אוּנְד עֶר הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין דִיא
שׁוּלֶען פוּן גָלִיל:

## קאפיטעל ה

1 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען דָאס פָאלְק
הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעדְרֵינְגֶען אַז זֵייא
זָאלֶען הֶערֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט, אַזוֹי
אִיז עֶר גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיים טֵייךְ גְנֵיסָרֶת:
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען צְווֵייא
שִׁיפֶען, וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיים
טֵייךְ. אוּנְד דִיא פִישֶׁערְס זֶענֶען פוּן
זֵייא אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען זֵייעֶרֶע
נֶעצֶען גֶעוַואשֶׁען:
3 אוּנְד עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין
אֵיינֶע פוּן דִיא שִׁיפֶען, וָואס הָאט גֶע־
הֶערְט צוּ שִׁמְעוֹן, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶע־
בֶּעטֶען אַז עֶר זָאל אַבִּיסֶעל אַוֶועקְפָאהְרֶען

פון

פוּן דֶעם לַאנְד. אוּנְד עֶר אִיז גֶעזֶעס־
סֶען אוּנְד הָאט דָאס פָאלְק גֶעלֶעהְרְט
פוּן דֶעם שִׁיף׃
4 אוּנְד װֶען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט
צוּ רֶעדֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ שִׁמְעוֹן,
גֵייט װײטֶער צוּ דֶער טִיפֶענִיס אוּנְד
לָאזְט אַרוּפּ אֵיירֶע נֶעצֶען פַאר אֵיינֶע
פִישׁוּנְג׃
5 אוּנְד שִׁמְעוֹן הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, מִיר
הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט דִיא גַאנְצֶע נַאכְט,
אוּנְד הָאבֶּען גָאר נִיט גֶעפַאנְגֶען.
אָבֶּער אוֹיף דֵיין וָוארְט װֶעל אִיךְ דִיא
נֶעצֶען אַרוּפְּלָאזֶען׃
6 אוּנְד װִיא זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעטְהוּן,
אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעפַאנְגֶען זֶעהר פִיל
פִישׁ. אוּנְד זֵייעֶר נֶעץ אִיז צֶערִיסֶען
גֶעװָארֶען׃
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעװוּנְקֶען צוּ
זֵיירֶע חֲבֵרִים אִין דֶעם אַנְדֶערֶען שִׁיף,
אַז זֵייא זָאלֶען קוּמֶען אוּנְד זָאלֶען זֵייא
הֶעלְפֶען. אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאבֶּען בֵּיידֶע שִׁיפֶען אָנְגֶעפִילְט,
בִּיז זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זִינְקֶען׃
8 אוּנְד װֶען שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס הָאט דָאס
גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי אִיז עֶר יֵשׁוּעַ צוּ דִיא
פִיס גֶעפַאלֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר,
גֵייא אַװֶעק פוּן מִיר, וָוארִין אִיךְ בִּין
אֵיין זִינְדִיגֶער מֶענְשׁ׃
9 וָוארִין עֶס אִיז אוֹיף אִיהְם אֵיין
שְׁרֶעק אָנְגֶעקוּמֶען אוּנְד אוֹיף אַלֶע וָואס
זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, װֶעגֶען דִיא
פִישׁ וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעחַאפְּט׃
10 אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן
דִיא זִיהְן פוּן זַבְדַי, וָואס וַוארֶען חֲבֵרִים
מִיט שִׁמְעוֹן. אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט
צוּ שִׁמְעוֹן, פָארְכְט דִיךְ נִיט, פוּן אַצוּנְד
אָן װֶעסְט דוּא חַאפֶּען מֶענְשֶׁען׃
11 אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען דִיא שִׁיפֶען
צוּם לַאנְד גֶעבְּרַאכְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא
אַלֶעס פֶערְלָאזֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
נָאכְגֶעפָאלְגְט׃
12 אוּנְד עֶס וַואר װֶען עֶר אִיז גֶע־
װֶעזֶען אִין אֵיינֶע פוּן דִיא שְׁטֶעט, אַזוֹי
וַואר דָארְט אֵיין מַאן פוּל מִיט צָרַעַת.
אוּנְד וִויא עֶר הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי
אִיז עֶר גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵיין פָּנִים, אוּנְד
הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אוּנְד הָאט גֶע־
זָאגְט, הַאר, װֶען דוּא װִילְסְט, קֶענְסְט
דוּא מִיךְ רֵיינִיגֶען׃
13 אוּנְד עֶר הָאט דִיא הַאנְד אוֹיסְ־
גֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶערִירְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וִויל, זֵייא גֶע־
רֵיינִיגְט; אוּנְד דָאס צָרַעַת הָאט אִיהְם
בַּאלְד פֶערְלָאזְט׃
14 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אָנְגֶעזָאגְט,
אַז עֶר זָאל דָאס קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען.
נֵייעֶרְט גֵייא אוּנְד וַוייז דִיךְ פַאר דֶעם
כֹּהֵן, אוּנְד זֵייא מַקְרִיב פַאר דֵיינֶע
רֵיינִיגוּנְג אַזוֹי וִויא משֶׁה הָאט גֶעבָּאטֶען,
פַאר אֵיין צֵייגְנִיס צוּ זֵייא׃
15 אוּנְד זֵיין נָאמֶען אִיז נָאךְ מֶעהְר
בֶּערִיהְמְט גֶעוָוארֶען. אוּנְד אֵיין גְרוֹיס
פָאלְק אִיז צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען צוּ הֶערֶען,
אוּנְד אַז זֵייא זָאלֶען פוּן אִיהְם גֶעהֵיילְט
װֶערֶען פוּן זֵיירֶע קְרֶענְק׃
16 אוּנְד עֶר אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען אִין
דֶער וִויסְטֶענִיס אַרֵיין אוּנְד הָאט מִתְפַּלֵל
גֶעוֶועזֶען (גֶעבֶּעטֶען)׃
17 אוּנְד עֶס וַואר אָן אֵיינֶעם פוּן
דִיזֶע טֶעג, װֶען עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט,
אַזוֹי זֶענֶען פְּרוּשִׁים אוּנְד מְלַמְדֵי תּוֹרָה
פָאר אִיהְם גֶעזֶעסֶען, וָואס זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען פוּן אַלֶע דֶערְפֶער פוּן גָלִיל,

אוּנְד פוּן יְהוּדָה אוּנְד פוּן יְרוּשָׁלַיִם. אוּנְד דִיא מַאכְט פוּן דֶעם הַאר וַואר אוּם זַייא צוּ הַיילֶען:

18 אוּנְד זֶעה, דִיא לַייט הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט אוֹיף אַיין בֶּעט אַיין מַאן וָואס וַואר גִיכְטבְּרִיכִיג, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעוָואלְט אַרַיינבְּרֶענְגֶען אוּנְד פָאר אִיהְם אַנִידֶערְלֵייגֶען:

19 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען קֵיין פְּלַאץ נִיט גֶעפוּנֶען וִויא אַזוֹי זַייא זָאלֶען אִיהְם אַרַיינבְּרֶענְגֶען, וֶועגֶען דֶעם פָאלְק, אַזוֹי זֶענֶען זַייא אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם דַאךְ, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַרוּפְּגֶעלָאזְט מִיט דֶעם בֶּעט דוּרְךְ דִיא בַּאלְקֶענְס אִין דֶער מִיטֶען אַרַיין צוּ פָאר יֵשׁוּעַ:

20 אוּנְד וִויא עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען זַייעֶר גְלוֹיבֶּען, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מֶענְשׁ, דֵיינֶע זִינְדֶען זֶענֶען דִיר פֶערְגֶעבֶּען:

21 אוּנְד דִיא סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ צוּ רֶעדֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז דִיזֶער, וָואס רֶעט לֶעסְטֶערוּנְג? וֶוער קֶען זִינְדֶען פֶערְגֶעבֶּען, נֵייעֶרְט גָאט אַלֵיין?

22 אָבֶּער יֵשׁוּעַ, הָאט גֶעוְואוּסְט זֵיירֶע גֶעדַאנְקֶען, אוּנְד הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וָואס דֶענְקְט אִיהְר אִין אֵיירֶע הֶערְצֶער?

23 אִיז עֶס רֶען גְרִינְגֶער צוּ זָאגֶען, דֵיינֶע זִינְדֶען זֶענֶען דִיר פֶערְגֶעבֶּען, אָדֶער צוּ זָאגֶען, שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד גֵייא אַרוּם?

24 אָבֶּער דָאס אִיהְר זָאלְט וִויסֶען אַז דֶער בֶּן־אָדָם הָאט מַאכְט זִינְדֶען צוּ פֶערְגֶעבֶּען אוֹיף עֶרְדֶען, (אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּם גִיכְטבְּרִיכִיגֶען), אִיךְ זָאג דִיר שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד נֶעם דֵיין בֶּעט אוּנְד גֵייא אַהֵיים:

25 אוּנְד עֶר אִיז בַּאלְד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פָאר זַייא, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען דָאס אוֹיף וָואס עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען, אוּנְד אִיז אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט:

26 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע פֶערְווְאוּנְדֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען גָאט גֶעלוֹיבְּט. אוּנְד זַייא וַוארֶען פוּל מִיט פוּרְכְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען הַיינְט וְואוּנְדֶערְלִיכֶע זַאכֶען גֶעזֶעהֶען:

27 אוּנְד נָאךְ דֶעם אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַיין מוֹכֵס וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען לֵוִי, וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן מֶכֶס. אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָאלְג מִיר נָאךְ:

28 אוּנְד עֶר הָאט אַלֶעס פֶערְלָאזֶען, אוּנְד אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגט:

29 אוּנְד לֵוִי הָאט פַאר אִיהְם גֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶע סְעוּדָה אִין זֵיין הוֹיז. אוּנְד דָא וַואר אֵיין גְרוֹיס פָאלְק פוּן מוֹכְסִים, אוּנְד אַנְדֶערֶע וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעזֶעסֶען צוּ טִישׁ:

30 אָבֶּער זֵיירֶע סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעמוּרְמֶעלְט קֶעגֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָוארוּם עֶסְט אוּנְד טְרִינְקְט אִיהְר מִיט מוֹכְסִים אוּנְד זִינְדֶער?

31 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, דִיא וָואס זֶענֶען גֶעזוּנְד דַארְפֶען נִיט קֵיין רוֹפֵא, נֵייעֶרְט דִיא וָואס זֶענֶען קְרַאנְק:

32 אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען צוּ רוּפֶען דִיא צַדִיקִים, נֵייעֶרְט דִיא זִינְדֶער צוּר תְּשׁוּבָה:

33 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָוארוּם פַאסְטֶען דִיא תַּלְמִידִים פוּן יוֹחָנָן אָפְטמָאל אוּנְד זָענֶען מִתְפַּלֵל, אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דִיא תַּלְמִידִים פוּן דִיא פְּרוּשִׁים? אוּנְד דֵיינֶע תַּלְמִידִים עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען:

34 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, קֶענְט אִיהְר דִיא חֲתוּנָה־לֵייט פַאסְטֶען מַאכֶען, אַזוֹי לַאנְג וִויא דֶער חָתָן אִיז בֵּייא זֵייא?

35 אָבֶּער דִיא טֶעג וֶועלֶען קוּמֶען וֶוען דֶער חָתָן וֶועט פוּן זֵייא אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אוּנְד אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא פַאסְטֶען אִין דִיזֶע טֶעג:

36 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעזָאגְט אֵיין מָשָׁל, קֵיינֶער לֵייגְט נִיט אֵיין שְׁטִיק פוּן נֵייעֶם שְׁטָאף אוֹיף אֵיין אַלְט קְלֵייד. זָאנְסְט צֶערְרֵייסְט זִיךְ דָאס נֵייעֶ, אוּנְד דָאס שְׁטִיק פוּן דֶעם נֵייעֶן פֶערְגְלֵייכְט זִיךְ נִיט מִיט דֶעם אַלְטֶען:

37 אוּנְד קֵיינֶער גִיסְט נִיט קֵיין נֵייעֶן וויין אִין אַלְטֶע לֶעגֶעל אַרֵיין. זָאנְסְט צֶערְשְׁפַּאלְט דֶער נֵייעֶר וויין דִיא לֶעגֶעל, אוּנְד עֶס וֶוערְט אוֹיסְגֶעגָאסֶען, אוּנְד דִיא לֶעגֶעל גֵיין פֶערְלוֹירֶען:

38 נֵייעֶרְט נֵייעֶר וויין מוּס אִין נֵייעֶ לֶעגֶעל אַרֵיינְגֶעגָאסֶען וֶוערֶען, אוּנְד זֵייא זָענֶען בֵּיידֶע פֶערְוַוארְט:

39 אוּנְד קֵיין מֶענְשׁ וָואס הָאט גֶעטְרוּנְקֶען אַלְטֶען וויין, וויל נִיט בַּאלְד נֵייעֶם הָאבֶּען. וָוארִין עֶר זָאגְט, דֶער אַלְטֶער אִיז בֶּעסֶער:

קַאפִּיטֶעל ו

1 אוּנְד עֶס וַואר אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן שַׁבָּת נָאךְ דֶעם עֶרְשְׁטֶען, אַזוֹי אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ דִיא תְּבוּאוֹת; אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אָפְּגֶערִיסֶען זַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא צֶערִיבֶּען מִיט זֵיירֶע הֶענְד, אוּנְד הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען:

2 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם טְהוּט אִיהְר דָאס וָואס אִיז נִיט דֶערְלוֹיבְּט צוּ טְהוּן אַם שַׁבָּת:

3 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הָאט אִיהְר דָאס נִיט גֶעלֵייעֶנְט וָואס דָוִד הָאט גֶעטְהוּן וֶוען עֶר וַואר הוּנְגְרִיג, אוּנְד דִיא וָואס זָענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען?

4 וִויא עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם הויז פוּן גָאט, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען דָאס לֶחֶם הַפָּנִים, אוּנְד הָאט גֶעגֶעסֶען, אוּנְד הָאט אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא וָואס וַוארֶען מִיט אִיהְם? וָואס אִיז נִיט דֶערְלוֹיבְּט צוּ עֶסֶען, נֵייעֶרְט פַאר דִיא כֹּהֲנִים אַלֵיין?

5 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער בֶּן־אָדָם אִיז הַאר אוֹיךְ אִיבֶּער דֶעם שַׁבָּת:

6 אוּנְד עֶס וַואר אוֹיךְ אוֹיף אֵיין אַנְדֶערֶען שַׁבָּת, אִיז עֶר אִין שׁוּהְל אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעלֶעהְרְט. אוּנְד עֶס וַואר דָארְט אֵיין מַאן, וָואס זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד וַואר פֶערְדַארְט:

7 אוּנְד דִיא סוֹפְרִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען אִיהְם אָפְּגֶעהִיט, אוֹיבּ עֶר וֶועט הֵיילֶען אַם שַׁבָּת, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אֵיינֶע מְסִירָה אוֹיף אִיהְם גֶעפִינֶען:

8 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט זֵיירֶע גֶעדַאנְקֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַאן וָואס הָאט גֶעהַאט דִיא פֶערְדַארְטֶע הַאנְד, שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד שְׁטֵייא אִין דֶער מִיטֶען. אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד אִיז גֶעשְׁטַאנֶען:

9 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט אִיךְ וֶועל אֵייךְ עֶפֶּעס פְרֶעגֶען, מֶעג מֶען אַם שַׁבָּת גוּטֶעס טְהוּן, אָדֶער בֵּייזֶעס? אֵיין לֶעבֶּען מַצִיל זֵיין, אָדֶער אוּמְבְּרֶענְגֶען:

10 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוּיף אַלֶע אַרוּמְגֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט צוּ דֶעם מַאן גֶעזָאגְט, שְׁטְרֶעק אוּיס דֵיינֶע הַאנְד. אוּנְד עֶר הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן. אוּנְד זֵיינֶע הַאנְד וַואר צוּרִיק גֶעשְׁטֶעלְט גֶעזוּנְד אַזוֹי ווִיא דִיא אַנְדֶערֶע:

11 אוּנְד זֵייא וַוארֶען פוּל מִיט גְרִימְצָארְן אוּנְד הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ גֶערֶעט וָואס זֵייא זָאלֶען טְהוּן צוּ יֵשׁוּעַ:

12 אוּנְד עֶס וַואר אִין דִיזֶע טֶעג, אִיז יֵשׁוּעַ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ אֵיין בַּארְג מִתְפַּלֵל צוּ זֵיין. אוּנְד הָאט דִיא נַאכְט צוּגֶעבְּרַאכְט אִים גֶעבֶּעט צוּ גָאט:

13 אוּנְד וֶוען עֶס וַואר טָאג, אַזוֹי הָאט עֶר זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען. אוּנְד עֶר הָאט פוּן זֵייא אוֹיסְדֶערְוֶוויילְט צְוֶועלְף, אוּנְד הָאט זֵייא גֶערוּפֶען אַפָּאסְטֶעלְם:

14 שִׁמְעוֹן, (וֶועלְכֶען עֶר הָאט אֵיין נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען פֶּעטְרוּס), אוּנְד זֵיין בְּרוּדֶער אַנְדְרַי. יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן, פִילִיפּוּס אוּנְד בַּר־תַּלְמַי:

15 מַתְיָא אוּנְד תּוֹמָא, יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן חַלְפַי, אוּנְד שִׁמְעוֹן וָואס וַואר אָנְגֶערוּפֶען הַקַּנָּאִי:

16 אוּנְד יְהוּדָה דֶער בְּרוּדֶער פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד יְהוּדָה אִישׁ־קְרִיּוֹת, וָואס וַואר אוֹיךְ דֶער פֶערְרֶעטֶער:

17 אוּנְד עֶר אִיז מִיט זֵייא אַרוּפְּגֶענַאנְגֶען, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּיף אֵיין גְרוֹיסֶען פְּלַאץ, אוּנְד דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד אֵיין גְרוֹיס פָאלְק פוּן יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד פוּן דֶעם בָּארְטֶען פוּן צוֹר אוּנְד צִידוֹן וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִיהְם צוּ הֶערֶען אוּנְד פוּן זֵייעֶרֶע קְרֶענְק גֶעהֵיילְט צוּ וֶוערֶען:

18 אוּנְד דִיא וָואס וַוארֶען אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען פוּן אוּנְרֵיינֶע רוּחוֹת, אוּנְד זֵייא וַוארֶען גֶעהֵיילְט:

19 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט אִיהְם גֶעזוּכְט אָנְצוּרִירֶען; וָוארִין גְבוּרָה אִיז פוּן אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶס הָאט זֵייא אַלֶע גֶעהֵיילְט:

20 אוּנְד עֶר הָאט זֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, ווָאוויל אֵייךְ אָרֶעמֶע, וָוארִין דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז אֵייעֶרְס:

21 ווָאוויל אֵייךְ וָואס טְהוּן אַצוּנְד ווֵיינֶען, וָוארִין אִיהְר וֶועט לַאכֶען:

22 ווָאוויל אֵייךְ וֶוען דִיא לֵייט וֶועלֶען אֵייךְ הַאסֶען, אוּנְד וֶועלֶען אֵייךְ פוּן זֵייא אָפְּשֵׁיידֶען, אוּנְד וֶועלֶען אֵייךְ פֶערְשֶׁעמֶען, אוּנְד וֶועלֶען אֵייעֶר נָאמֶען פֶערְוַוארְפֶען ווִיא אֵיינֶע בֵּייזֶע זַאךְ, פוּן וֶועגֶען דֶעם בֶּן־אָדָם:

23 פְרֵייעֶט אֵייךְ אִין דִיזֶען טָאג אוּנְד שְׁפְּרִינְגְט פַאר פְרֵייד. וָוארִין זֶעה, אֵייעֶר שְׂכַר אִיז גְרוֹיס אִים הִימֶעל. וָוארִין אַזוֹי הָאבֶּען זֵייעֶרֶע אָבוֹת אוֹיךְ גֶעטְהוּן צוּ דִיא נְבִיאִים:

24 אָבֶּער ווֵייא צוּ אֵייךְ רֵייכֶע. וָוארִין אִיהְר הָאט אֵייעֶר טְרֵייסְט עֶנְטְפַאנְגֶען:

25 ווֵייא צוּ אֵייךְ וָואס זֵייט פוּל, וָוארִין אִיהְר וֶועט הוּנְגֶערְן. ווֵייא צוּ אֵייךְ וָואס לַאכֶען אַצוּנְד, וָוארִין אִיהְר וֶועט טְרוֹיעֶרֶען אוּנְד ווֵיינֶען:

26 ווֵייא צוּ אֵייךְ וֶוען אַלֶע מֶענְשֶׁען וֶועלֶען אוּיף אֵייךְ גוּטֶעס רֶעדֶען. וָוארִין

אַזוי הָאבֶּען זֵייעֶרֶע אָבוֹת גֶעטְהוּן צוּ
דִיא פַאלְשֶׁע נְבִיאִים:
27 אָבֶּער אִיךְ זָאג צוּ אֵייךְ וָואס
הֶערֶען, לִיבְּט אֵייעֶרֶע פֵיינְדֶע, טְהוּט
גוּטֶעס צוּ דִיא וָואס הַאסֶען אֵייךְ:
28 בֶּענְשְׁט דִיא וָואס שֶׁעלְטֶען אֵייךְ,
אוּנְד בֶּעט פַאר דִיא וָואס פֶערְשֶׁעמֶען
אֵייךְ:
29 צוּ דֶעם וָואס שְׁלָאגְט דִיךְ אִיבֶּער
אֵיינֶע בַּאק, שְׁטֶעל אוֹיךְ דִיא אַנְדֶערֶע
אוֹיף. אוּנְד פוּן דֶעם וָואס גֶעמְט אַוֶועק
דֵיין מַאנְטֶעל, הַאלְט דֵיין רָאק אוֹיךְ
נִיט צוּרִיק:
30 גִיבּ צוּ אִיטְלִיכֶען וָואס בֶּעט פוּן
דִיר. אוּנְד פוּן דֶעם וָואס גֶעמְט דָאס
דֵיינִיגֶע, פֶערְלַאנְג עֶס נִיט צוּרִיק:
31 אוּנְד וִויא אִיהְר ווִילְט הָאבֶּען אַז
דִיא לֵייט זָאלֶען צוּ אֵייךְ טְהוּן, טְהוּט
אִיהְר אוֹיךְ אַזוֹי צוּ זֵייא:
32 אוּנְד וֶוען אִיהְר לִיבְּט דִיא וָואס
לִיבֶּען אֵייךְ, וָואס פַאר אֵיין דַאנְק קוּמְט
אֵייךְ? וָוארִין דִיא זִינְדֶער לִיבֶּען אוֹיךְ
דִיא וָואס לִיבֶּען זֵייא:
33 אוּנְד וֶוען אִיהְר טְהוּט גוּטֶעס צוּ
דִיא וָואס טְהוּן גוּטֶעס צוּ אֵייךְ, וָואס
פַאר אֵיין דַאנְק הָאט אִיהְר? וָוארִין
דִיא זִינְדֶער טְהוּן אוֹיךְ דָאס גֶעמְלִיכֶע:
34 אוּנְד וֶוען אִיהְר לֵייעֶט צוּ דִיא פוּן
וֶועמֶען אִיהְר הָאפְט אָפְּצוּנֶעמֶען, וָואס
פַאר אֵיין דַאנְק קוּמְט אֵייךְ? וָוארִין
דִיא זִינְדֶער לֵייעֶן אוֹיךְ צוּ זִינְדֶער, דָאס
זֵייא זָאלֶען ווִידֶער אַזוֹי פִיל אָפְּנֶעמֶען:
35 אָבֶּער לִיבְּט אִיהְר אֵייעֶרֶע פֵיינְדֶע,
אוּנְד טְהוּט גוּטֶעס, אוּנְד לֵייעֶט, וֶוען
אִיהְר הָאפְּט נִיט אָפְּצוּנֶעמֶען; אוּנְד
אֵייעֶר שְׂכַר וֶועט זֵיין גְרוֹיס, אוּנְד
אִיהְר וֶועט זֵיין דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם
אוֹיבֶּערְשְׁטֶען; וָוארִין עֶר אִיז גוּט צוּ דִיא
אוּנְדַאנְקְבַּארֶען אוּנְד צוּ דִיא שְׁלֶעכְטֶע:
36 דְרוּם זֵייט אִיהְר בַּארְמְהֶערְצִיג,
אַזוֹי וִויא אֵייעֶר פָאטֶער אִיז אוֹיךְ
בַּארְמְהֶערְצִיג:
37 טְהוּט נִיט רִיכְטֶען, אַזוֹי וֶועט
אִיהְר אוֹיךְ נִיט גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען.
טְהוּט נִיט בֶּעשׁוּלְדִיגֶען, אַזוֹי וֶועט אִיהְר
אוֹיךְ נִיט בֶּעשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען; פֶערְגִיבְּט,
אַזוֹי וֶועט אֵייךְ אוֹיךְ פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען:
38 גִיבְּט, אוּנְד עֶס וֶועט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען. אֵיינֶע גוּטֶע מָאס, אָנְגֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד צוּנוֹיפְגֶעשָׁאקֶעלְט, אוּנְד
וָואס גֵייט אִיבֶּער, וֶועלֶען דִיא לֵייט
גֶעבֶּען אִין אֵייעֶר שׁוֹיס אַרֵיין. וָוארִין
מִיט דֶעמְזֶעלְבֶּען מָאס וָואס אִיהְר טְהוּט
מֶעסְטֶען, וֶועט אֵייךְ ווִידֶער גֶעמָאסְטֶען
וֶוערֶען:
39 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אֵיין מָשָׁל, קֶען אֵיין בְּלִינְדֶער דֶעם
אַנְדֶערְן פִירֶען? וֶועלֶען זֵייא נִיט בֵּיידֶע
אִין אֵיין גְרוּבּ אַרֵיינְפַאלֶען?
40 דֶער תַּלְמִיד אִיז נִיט אִיבֶּער זֵיין
רַבִּי. אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז פָאלְקָאמֶען
וֶועט זֵיין וִויא זֵיין רַבִּי:
41 אוּנְד וָוארוּם זֶעהְסְט דוּא דָאס
שְׁפֶּענְדֶעל וָואס אִיז אִין דֵיין בְּרוּדֶערְס
אוֹיג, אוּנְד בֶּעטְרַאכְסְט נִיט דֶעם
בַּאלְקֶען וָואס אִיז אִין דֵיין אֵייגֶען אוֹיג?
42 אָדֶער וִויא אַזוֹי קֶענְסְט דוּא זָאגֶען
צוּ דֵיין בְּרוּדֶער, בְּרוּדֶער לָאז מִיךְ
אַרוֹיסְנֶעמֶען דָאס שְׁפֶּענְדֶעל וָואס אִיז
אִין דֵיין אוֹיג, וֶוען דוּא זֶעלְבְּסְט זֶעהְסְט
נִיט דֶעם בַּאלְקֶען וָואס אִיז אִין דֵיין אוֹיג.
דוּא הֵייכְלֶער, נֶעם צוּם עֶרְשְׁטֶען אַרוֹיס
דֶעם בַּאלְקֶען פוּן דֵיין אוֹיג, אוּנְד דֶערְ־
נָאךְ וֶועסְט דוּא בֶּעסֶער זֶעהֶען

אַרויסְצוּנֶעמֶען דָאס שְׁפֶּענְדֶעל וָואס
אִיז אִין דֵיין בְּרוּדֶערְ'ס אויג׃
43 וָוארִין אֵיין גוּטֶער בוים טְרָאגְט נִיט
קֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶע פְּרוּכְט. אוּנְד אֵיין
שְׁלֶעכְטֶער בוים טְרָאגְט נִיט קֵיינֶע גוּטֶע
פְּרוּכְט׃
44 וָוארִין מֶען דֶערְקֶענְט אִיטְלִיכֶען
בוים בֵּייא זֵיינֶע אֵייגֶענֶע פְּרוּכְט. וָוארִין
פוּן דֶערְנֶער זַאמֶעלְט מֶען נִיט קֵיינֶע
פֵייגֶען. אוּנְד פוּן אֵיין גֶעבּוּשׁ רֵייסְט
מֶען נִיט אָפּ קֵיינֶע וֵויינְטְרויבֶּען׃
45 אֵיין גוּטֶער מֶענְשׁ בְּרֶענְגְט אַרויס
גוּטֶעס פוּן דֶעם גוּטֶען שַׁאץ פוּן זֵיין
הַארְץ. אוּנְד אֵיין שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ
בְּרֶענְגְט אַרויס שְׁלֶעכְטֶעס פוּן דֶעם
שְׁלֶעכְטֶען שַׁאץ פוּן זֵיין הַארְץ. וָוארִין
דָאס מויל רֶעט פוּן דֶעם וָואס דָאס
הַארְץ אִיז פוּל׃
46 אָבֶּער וָוארוּם רוּפְט אִיהְר מִיךְ,
הַאר, הַאר, אוּנְד טְהוּט נִיט וָואס אִיךְ
זָאג׃
47 אִיטְלִיכֶער וָואס קוּמְט צוּ מִיר,
אוּנְד הֶערְט מֵיינֶע רֵייד, אוּנְד טְהוּט
זֵייא, וֶועל אִיךְ אֵייךְ וֵוייזֶען צוּ וֶועמֶען
עֶר אִיז גְלֵייךְ׃
48 עֶר אִיז גְלֵייךְ צוּ אֵיין מַאן וָואס
הָאט גֶעבּויעֶט אֵיין הויז, אוּנְד עֶר
הָאט טִיף גֶעגְרָאבֶּען, אוּנְד הָאט דֶעם
גְרוּנְד גֶעלֵייגְט אויף אֵיין פֶעלְזֶען. אוּנְד
וֶוען עֶס וַואר אֵיין גְוָועסֶער, אוּנְד דֶער
שְׁטְרָאם הָאט דָאס הויז פֶערְפְלֵייצְט,
אוּנְד הָאט עֶס נִיט גֶעקֶענְט בֶּעוֶועגֶען.
וָוארִין עֶס וַואר גֶעגְרִינְדֶעט אויף אֵיין
פֶעלְזֶען׃
49 אָבֶּער דֶער וָואס הֶערְט אוּנְד
טְהוּט נִיט. אִיז גְלֵייךְ צוּ אֵיין מַאן
וָואס הָאט גֶעבּויעֶט אֵיין הויז אויף דֶער
עֶרְד אָהְן אֵיין גְרוּנְד; אוּנְד דֶער
שְׁטְרָאם הָאט עֶס פֶערְפְלֵייצְט, אוּנְד עֶס
אִיז בַּאלְד אֵיינְגֶעפַאלֶען, אוּנְד דֶער
חָרְבָּן פוּן דֶעם הויז וַואר גְרויס׃

קאפיטעל ז

1 וֶוען עֶר הָאט גֶעעֶנְדִיגְט אַלֶע דִיזֶע
רֵייד אִין דִיא אוירֶען פוּן דֶעם פָאלְק,
אַזוֹי אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען נָאךְ כְּפַר־נָחוּם׃
2 אוּנְד דֶער קְנֶעכְט פוּן אֵיין הויפְּט־
מַאן, וֶועלְכֶען עֶר הָאט זֶעהְר גֶעלִיבְּט,
וַואר שְׁטֶערְבְּלִיךְ קְרַאנְק׃
3 וִויא עֶר הָאט גֶעהֶערְט פוּן יֵשׁוּעַ,
אַזוֹי הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט דִיא
עֶלְצְטֶע פוּן דִיא יוּדֶען, אוּנְד הָאט
אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל קוּמֶען אוּנְד
זָאל זֵיין קְנֶעכְט הֵיילֶען׃
4 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ
יֵשׁוּעַ, הָאבֶּען זֵייא אִיהְם זֶעהְר גֶע־
בֶּעטֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר אִיז
וֶוערְט אַז עֶר זָאל דָאס פַאר אִיהְם
טְהוּן׃
5 וָוארִין עֶר לִיבְּט אוּנְזֶער פָאלְק,
אוּנְד הָאט אוּנְס גֶעבּויעֶט אֵיינֶע שׁוּהְל׃
6 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז מִיט זֵייא גֶעגַאנְגֶען.
אוּנְד וֶוען עֶר וַואר שׁוין נִיט וַוייט פוּן
דֶעם הויז, אַזוֹי הָאט דֶער הויפְּטְמַאן
זֵיינֶע פְרֵיינְד צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, זֵייא דִיךְ נִיט
מַטְרִיחַ. וָוארִין אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט אַז
דוּא זָאלְסְט אוּנְטֶער מֵיין דַאךְ קוּמֶען׃
7 דָארוּם הָאבּ אִיךְ מִיךְ נִיט וֶוערְט
גֶעהַאלְטֶען אַז אִיךְ זָאל צוּ דִיר קוּמֶען.
אָבֶּער זָאג נוּר אֵיין וָוארְט, אַזוֹי וֶועט
מֵיין יוּנְג גֶעהֵיילְט וֶוערֶען׃
8 וָוארִין אִיךְ בִּין אויךְ אֵיין מַאן וָואס
שְׁטֵייט אוּנְטֶער דֶער רֶעגִירוּנְג אוּנְד אִיךְ
הָאבּ זֶעלְנֶער אוּנְטֶער מִיר. אוּנְד וֶוען

אִיךְ זָאג צוּ דֶעם, גֵייא אַהִין, אַזוֹי גֵייט
עֶר. אוּנְד צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען, קוּם
אַהֶער, אַזוֹי קוּמְט עֶר. אוּנְד צוּ מֵיין
קְנֶעכְט, טְהוּא דָאס, אַזוֹי טְהוּט עֶר עֶס:
9 וְויא יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט
עֶר זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער אִיהְם.
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט צוּם פָאלְק וָואס הָאט אִיהְם
נָאכְגֶעפָאלְגְט, אִיךְ זָאג אֵייךְ, אֵיין
זָאלְכֶען גְלוֹיבֶּען הָאבּ אִיךְ אִין יִשְׂרָאֵל
אוֹיךְ נִיט גֶעפוּנֶען:
10 אוּנְד וֶוען דִיא שְׁלוּחִים הָאבֶּען זִיךְ
אַהֵיים אוּמְגֶעקֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא
דֶעם קְנֶעכְט גֶעפוּנֶען גֶעזוּנְד:
11 אוּנְד עֶס וַואר אָן דֶעם אַנְדֶערְן
טָאג, אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין
שְׁטָאט אַהֵיין וָואס הֵייסְט נָעִין אוּנְד
פִילֶע פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּנְד אֵיין
גְרוֹיס פָאלְק זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶע־
גַאנְגֶען:
12 וְויא עֶר הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּם
טוֹיעֶר פוּן דֶער שְׁטָאט, אַזוֹי הָאט מַאן
אֵיין טוֹיטֶען אַרוֹיסְגֶעטְרָאגֶען אֵיין
אֵיינְצִיגֶען זוּהְן פוּן זֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד
זִיא וַואר אֵיינֶע אַלְמָנָה; אוּנְד פִילֶע
לֵייט פוּן דֶער שְׁטָאט וַוארֶען מִיט
אִיהְר:
13 אוּנְד וְויא דֶער הַאר הָאט זִיא
גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר אִיבֶּער אִיהְר
רַחֲמָנוּת גֶעהַאט, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְר
גֶעזָאגְט, וֵויין נִיט:
14 אוּנְד עֶר אִיז צוּגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט
דִיא מִטָּה אָנְגֶערִירְט, אוּנְד דִיא וָואס
הָאבֶּען אִיהְם גֶעטְרָאגֶען, זֶענֶען גֶע־
בְּלִיבֶּען שְׁטֵיין. אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
יוּנְגֶער מַאן, אִיךְ זָאג דִיר, שְׁטֵייא אוֹיף:
15 אוּנְד דֶער טוֹיטֶער הָאט זִיךְ
אוֹיפְגֶעזֶעצְט, אוּנְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
צוּ רֶעדֶען. אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם צוּ רִיק
גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיינֶע מוּטֶער:
16 אוּנְד אֵיינֶע פוּרְכְט הָאט זֵייא אַלֶע
אָנְגֶענוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גָאט
גֶעלוֹיבְּט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אֵיין
גְרוֹיסֶער נָבִיא אִיז צְוִוישֶׁען אוּנְס אוֹיפְ־
גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד גָאט הָאט בֶּעזוּכְט
זֵיין פָאלְק:
17 אוּנְד דִיזֶער שֵׁם פוּן אִיהְם אִיז
אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין גַאנְץ יְהוּדָה, אוּנְד
אִין דֶער גַאנְצֶען גֶעגֶענְד:
18 אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים פוּן יוֹחָנָן הָאבֶּען
אִיהְם פוּן אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען דֶערְצֵיילְט:
19 אוּנְד יוֹחָנָן הָאט צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען
צְוֵוייא פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאט
זֵייא גֶעשִׁיקְט צוּ יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאט גֶע־
זָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער וָואס זָאל קוּמֶען?
אָדֶער זָאלֶען מִיר וַוארְטֶען אוֹיף אֵיין
אַנְדֶערְן?
20 וֶוען דִיא לֵייט זֶענֶען צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, יוֹחָנָן דֶער מְטַבֵּל הָאט אוּנְס צוּ
דִיר גֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, בִּיסְט
דוּא דֶער וָואס זָאל קוּמֶען? אָדֶער
זָאלֶען מִיר וַוארְטֶען אוֹיף אֵיין אַנְדֶערְן?
21 אוּנְד עֶר הָאט צוּ דֶער צֵייט גֶע־
הֵיילְט פִילֶע פוּן זֵיירֶע קְרֶענְק, אוּנְד
פְּלֶעג, אוּנְד אוּנְרֵיינֶע רוּחוֹת, אוּנְד הָאט
דִיא בְּלִינְדֶע זֶעהֶענְדִיג גֶעמַאכְט:
22 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֵייט אוּנְד דֶערְ־
צֵיילְט יוֹחָנָן וָואס אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען
אוּנְד גֶעהֶערְט, אַז דִיא בְּלִינְדֶע זֶעהֶען,
דִיא קְרוּמֶע גֵיין אַרוּם, דִיא מְצוֹרָעִים
זֶענֶען גֶערֵיינִיגְט, דִיא טוֹיבֶּע הֶערֶען,
דִיא טוֹיטֶע שְׁטֵייעֶן אוֹיף, אוּנְד צוּ דִיא

אָרֶעמֶע וֶוערְט דָאס עֶוַואַנְגֶעלִיוּם גֶע־
פְּרֶעדִיגְט :
23 אוּנְד וְואוויל אִיז דֶעם וָואס וֶועט
זִיךְ נִיט אָן מִיר אָנְשְׁטוֹיסֶען :
24 אוּנְד וֶוען דִיא שְׁלוּחִים פוּן יוֹחָנָן
זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר
אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּם פָאלְק צוּ רֶעדֶען פוּן
יוֹחָנָן. וָואס זַייט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אִין דֶער מִדְבָּר אַרַיין צוּ זֶעהֶען ? אִיז
עֶס אַ רִיטֶעל וָואס שָׁאקֶעלְט זִיךְ פוּן
דֶעם ווִינְד ?
25 וָואס דֶען זַייט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעגַאנְ־
גֶען צוּ זֶעהֶען ? אִיז עֶס אַיין מַאן
אָנְגֶעטְהוּן אִין פֵיינֶע קְלֵיידֶער ? זֶעהְט,
דִיא וָואס גֵייעֶן פֵיין גֶעקְלֵיידֶעט אוּנְד
הָאבֶּען פֵיינֶע שְׁפֵּייזֶען, זֶענֶען אִין קֶע־
נִיגְלִיכֶע פַּאלַאסְטֶען :
26 וָואס דֶען זַייט אִיהְר אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען צוּ זֶעהֶען ? אִיז עֶס אַיין נָבִיא ?
יוֹא, אִיךְ זָאג אֵייךְ, אוּנְד פִיל מֶעהְר
ווִיא אַיין נָבִיא :
27 דָאס אִיז דֶער, פוּן וֶועלְכֶען עֶס
שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, זֶעה, אִיךְ שִׁיק מֵיין
מַלְאָךְ צוּ פַאר דִיר, אוּנְד עֶר וֶועט דֵיין
וֶועג פַאר דִיר צוּבֶּערֵייטֶען :
28 וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, קֵיין גְרֶעסֶע־
רֶער נָבִיא פוּן יוֹחָנָן דֶעם מְטַבֵּל אִיז
נִיט פֶערְהַאנְדֶען צְווִישֶׁען דִיא וָואס
זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען פוּן ווַייבֶּער ; אָבֶּער
דֶער קְלֵיינְסְטֶער אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט אִיז גְרֶעסֶער ווִיא עֶר :
29 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס
הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט, אוּנְד דִיא
מוֹכְסִים, הָאבֶּען גָאט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט,
אוּנְד זֶענֶען גֶעטוֹיפְט גֶעוָוארֶען מִיט
דֶער טְבִילָה פוּן יוֹחָנָן :
30 אָבֶּער דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד דִיא
בַּעֲלֵי תוֹרָה הָאבֶּען פֶערְאַכְטֶעט גָאטְס
רַאטְה, קֶעגֶען זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ נִיט גֶעלָאזְט טוֹבֵל זַיין בֵּייא אִיהְם :
31 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, צוּ
וֶועמֶען זָאל אִיךְ גְלֵייכֶען דִיא לֵייט פוּן
דֶעם דָאזִיגֶען גֶעשְׁלֶעכְט, אוּנְד צוּ וָואס
זֶענֶען זַייא גְלֵייךְ ?
32 זַייא זֶענֶען גְלֵייךְ צוּ קִינְדֶער וָואס
זִיצֶען אוֹיף דֶעם מַארְק, אוּנְד רוּפֶען
אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן, אוּנְד זָאגֶען, מִיר
הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעפֵייפְט, אוּנְד אִיהְר
הָאט נִיט גֶעטַאנְצְט. מִיר הָאבֶּען צוּ
אֵייךְ גֶעקְלָאגְט, אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט
גֶעווֵיינְט :
33 וָוארִין יוֹחָנָן דֶער מְטַבֵּל אִיז צוּ
אֵייךְ גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט נִיט גֶעגֶע־
סֶען קֵיין בְּרוֹיט, אוּנְד הָאט נִיט גֶע־
טְרוּנְקֶען קֵיין ווַיין, אוּנְד אִיהְר הָאט
גֶעזָאגְט, עֶר הָאט אַ שֵׁד :
34 דֶער בֶּן־אָדָם אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד
עֶסְט אוּנְד טְרִינְקְט, אוּנְד אִיהְר זָאגְט,
זֶעה, דֶער מֶענְשׁ אִיז אַיין זוֹלֵל וְסוֹבֵא,
אַיין פְרֵיינְד פוּן מוֹכְסִים אוּנְד זִינְדֶער :
35 אָבֶּער דִיא ווַייזְהֵייט וֶוערְט גֶע־
רֶעכְטְפֶערְטִיגְט פוּן אַלֶע אִיהְרֶע קִינְדֶער :
36 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא פְּרוּשִׁים הָאט
אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, אַז עֶר זָאל בֵּייא אִיהְם
עֶסֶען ; אוּנְד עֶר אִיז אַרַיין גֶעגַאנְגֶען אִין
הוֹיז פוּן דֶעם פָּרוּשׁ, אוּנְד הָאט זִיךְ
צוּם טִישׁ גֶעזֶעצְט :
37 אוּנְד נוּן ווַאר אֵיינֶע פְרוֹיא אִין
דֶער שְׁטָאט, וָואס ווַאר אֵיינֶע זִינְדֶערִין.
אוּנְד ווִיא זִיא הָאט גֶעוָואר גֶעוָוארֶען
אַז עֶר אִיז צוּ טִישׁ אִין דֶעם הוֹיז פוּן
דֶעם פָּרוּשׁ, אַזוֹי הָאט זִיא גֶעבְּרַאכְט
אַיין קְרִינֶעל מִיט אֵייל :
38 אוּנְד אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְטֶער אִיהְם

בֵּייא זֵיינֶע פִּיס אוּנְד הָאט גֶעוויינְט,
אוּנְד הָאט אָנְגֶעהױבֶּען זֵיינֶע פִּיס צוּ
וַואשֶׁען מִיט טְרֶערֶען, אוּנְד הָאט זֵייא
אָפְּגֶעווִישְׁט מִיט דִיא הָאר פוּן אִיהְר
קָאפּ, אוּנְד הָאט זֵיינֶע פִּיס גֶעקִישְׁט,
אוּנְד הָאט זֵייא גֶעזַאלְבְּט מִיט אֵייל:
39 װֶוען דֶער פָּרוּשׁ וָואס הָאט אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי
הָאט עֶר בֵּייא זִיךְ גֶעדַאכְט אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, װֶוען דִיזֶער זָאל זֵיין אֵיין נָבִיא,
אַזוֹי הֶעט עֶר גֶעוְואוּסְט, וֶוער אוּנְד
וָואס פַאר אֵיינֶע פְרוֹיא דָאס אִיז וָואס
הָאט אִיהְם אָנְגֶערִירְט, וָוארִין זִיא אִיז
אֵיינֶע זִינְדֶערִין:
40 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שִׁמְעוֹן,
אִיךְ הָאבּ דִיר עֶפֶּעס צוּ זָאגֶען. אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זָאג, רַבִּי:
41 דָא וַואר אֵיין מָאנֶער וָואס הָאט
גֶעהַאט צְווֵייא בַּעֲלֵי חוֹבוֹת. אֵיינֶער
וַואר שׁוּלְדִיג פִינְף הוּנְדֶערְט גִילְדֶען,
אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶע פִינְפְצִיג:
42 אוּנְד װֶוען זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט
צוּ צָאלֶען, הָאט עֶר זֵייא בֵּיידֶע גֶע־
שֶׁענְקְט. זָאג מִיר נוּן, וֶועלְכֶער פוּן זֵייא
וֶועט אִיהְם מֶעהְר לִיבֶּען?
43 אוּנְד שִׁמְעוֹן הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ דֶענְק, וֶועלְכֶען
עֶר הָאט מֶעהְר גֶעשֶׁענְקְט; אוּנְד עֶר
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט
רִיכְטִיג גֶעדֶענְקְט:
44 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעקֶערְט צוּ
דֶער פְרוֹיא, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ
שִׁמְעוֹן, זֶעהְסְט דוּא דִיזֶע פְרוֹיא? אִיךְ
בִּין אִין דֵיין הוֹיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד
דוּא הָאסְט מִיר קֵיין וַואסֶער נִיט גֶע־
גֶעבֶּען צוּ מֵיינֶע פִּיס, אָבֶּער זִיא הָאט
מֵיינֶע פִּיס גֶעוַואשֶׁען מִיט טְרֶערֶען,
אוּנְד הָאט זֵייא אָפְּגֶעווִישְׁט מִיט דִיא
הָאר פוּן אִיהְר קָאפּ:
45 דוּא הָאסְט מִיר קֵיין קִישׁ נִיט
גֶעגֶעבֶּען. אָבֶּער זִיא, זִינְט זִיא אִיז
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט
מֵיינֶע פִּיס צוּ קִישֶׁען:
46 דוּא הָאסְט נִיט גֶעזַאלְבְּט מֵיין קָאפּ
מִיט אֵייל, אָבֶּער זִיא הָאט מֵיינֶע פִּיס
גֶעזַאלְבְּט מִיט טֵייעֶרֶען אֵייל:
47 דְרוּם זָאג אִיךְ דִיר אִיהְרֶע זִינְדֶען
וָואס זֶענֶען פִּיל זֶענֶען אִיהְר פֶערְגֶעבֶּען,
וָוארִין זִיא הָאט פִּיל גֶעלִיבְּט. אָבֶּער
צוּ וֶועמֶען ווֵיינִיג אִיז פֶערְגֶעבֶּען, דֶער
לִיבְּט ווֵיינִיג:
48 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
דֵיינֶע זִינְדֶען זֶענֶען דִיר פֶערְגֶעבֶּען:
49 אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם
צוּ טִישׁ גֶעזֶעסֶען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען
אִין זִיךְ צוּ זָאגֶען, וֶוער אִיז דִיזֶער וָואס
פֶערְגִיבְּט אוֹיךְ זִינְדֶען?
50 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ דֶער פְרוֹיא
גֶעזָאגְט, דֵיין גְלוֹיבֶּען הָאט דִיר גֶע־
הָאלְפֶען. גֵייא אִין פְרִידֶען:

## קאפּיטעל ח

1 אוּנְד עֶס וַואר דֶערְנָאךְ, אַזוֹי אִיז
עֶר אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין עֶטְלִיכֶע שְׁטֶעט
אוּנְד דֶערְפֶער, אוּנְד הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט
אוּנְד הָאט מְבַשֵּׂר גֶעוֶועזֶען דָאס קֶער־
נִיגְרֵייךְ פוּן גָאט; אוּנְד דִיא צְוֶועלְף
וַוארֶען מִיט אִיהְם:
2 אוּנְד אֵיינִיגֶע ווַייבֶּער וָואס זֶענֶען
גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען פוּן בֵּייזֶע רוּחוֹת
אוּנְד פוּן קְרֶענְק. מִרְיָם וָואס וַואר
אָנְגֶערוּפֶען מַגְדַלֶנָה, פוּן וֶועלְכֶער זִיבֶּען
שֵׁדִים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען:
3 אוּנְד יוֹחָנָה, דָאס ווַייבּ פוּן כוּזָא,

דֶער שַׁאפֶער פוּן הוֹרְדוֹס, אוּנְד שׁוֹשַׁנָה,
אוּנְד פִילֶע אַנְדֶערֶע, וָואס הָאבֶּען אִיהְם
בֶּעדִינְט מִיט זַייעֶר פֶערְמֶעגֶען:
4 וֶוען פִיל פָאלְק הָאט זִיךְ פֶערְזַאֽמֶעלְט, אוּנְד זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען
פוּן דִיא שְׁטֶעט, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט
דוּרְךְ אֵיין מָשָׁל:
5 אֵיין זַייעֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען זַיין
זָאמֶען צוּ זַייעֶן. אוּנְד וִויא עֶר הָאט
עֶס גֶעזַייעֶט, אַזוֹי אִיז אַבִּיסֶעל גֶעפַאֽלֶען בֵּיים וֶועג, אוּנְד עֶס אִיז צֶערְטְרֶעטֶען
גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל
הָאבֶּען עֶס אוֹיפְגֶעגֶעסֶען:
6 אוּנְד ווִידֶער אַבִּיסֶעל אִיז גֶעפַאלֶען
אוֹיף אֵיין פֶעלְזֶען, אוּנְד אַזוֹי בַּאלְד וִויא
עֶס אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי אִיז עֶס
פֶערְדַארְט גֶעוָוארֶען, ווייל עֶס הָאט
קֵיינֶע פֵייכְטִיגְקֵייט נִיט גֶעהַאט:
7 אוּנְד אַבִּיסֶעל אִיז גֶעפַאלֶען צְווִישֶׁען
דֶערְנֶער, אוּנְד דִיא דֶערְנֶער זֶענֶען
דֶערְמִיט אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען עֶס
דֶערְשְׁטִיקְט:
8 אוּנְד אַבִּיסֶעל אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף
גוּטֶען גְרוּנְד, אוּנְד עֶס אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְ־
גֶען אוּנְד הָאט גֶעטְרָאגֶען פְרוּכְט הוּנְ־
דֶערְטפֶעלְטִיג; וֶוען עֶר הָאט דָאס
גֶערֶעט, הָאט עֶר אוֹיסְגֶערוּפֶען, וֶוער
עֶס הָאט אוֹירֶען צוּ הֶערֶען, לָאז עֶר
הֶערֶען:
9 אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם
גֶעפְרֶעגְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס
זָאל דָאס מֵיינֶען?
10 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, צוּ אֵייךְ
אִיז עֶס גֶעגֶעבֶּען, אַז אִיהְר זָאלְט וִויסֶען
דִיא סוֹדוֹת פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט.
אָבֶּער צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע אִין מְשָׁלִים.
דָאס אִין זֶעהֶען זָאלֶען זַייא נִיט זֶעהֶען,
אוּנְד זָאלֶען הֶערֶען אוּנְד נִיט פֶערְ־
שְׁטֶעהְן:
11 אוּנְד דָאס אִיז דָאס מָשָׁל. דֶער
זָאמֶען אִיז דָאס וָוארְט פוּן גָאט:
12 דִיא בֵּיים וֶועג זֶענֶען דִיא וָואס
הֶערֶען; דֶערְנָאךְ קוּמְט דֶער שָׂטָן,
אוּנְד נֶעמְט אַוֶועק דָאס וָוארְט פוּן
זַייעֶר הַארְץ, כְּדֵי זַייא זָאלֶען נִיט
גְלוֹיבֶּען אוּנְד גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען:
13 דִיא אוֹיף דֶעם פֶעלְזֶען זֶענֶען דִיא,
וָואס וֶוען זַייא הֶערֶען, אַזוֹי עֶנְטְפַאנְגֶען
זַייא דָאס וָוארְט מִיט פְרֵיידֶען, אוּנְד
דִיזֶע הָאבֶּען קֵיינֶע וָוארְצֶעל נִיט, אוּנְד
זַייא גְלוֹיבֶּען פַאר אֵיינֶע צֵייט, אָבֶּער
אִין דֶער צֵייט פוּן פְּרִיפוּנְג פַאלֶען זַייא
אַוֶועק:
14 אוּנְד דָאס וָואס אִיז גֶעפַאלֶען
צְווִישֶׁען דֶערְנֶער, זֶענֶען דִיא וָואס
הֶערֶען אוּנְד גֵיין אַוֶועק, אוּנְד זֶענֶען
דֶערְשְׁטִיקְט דוּרְךְ זָארְג אוּנְד רֵייכְטוּם,
אוּנְד פֶערְגְנִיגֶען פוּן לֶעבֶּען, אוּנְד
בְּרֶענְגֶען קֵיינֶע רֶעכְטֶע פְרוּכְט נִיט:
15 אָבֶּער דָאס אוֹיף גוּטֶען גְרוּנְד,
זֶענֶען דִיא וָואס הֶערֶען אוּנְד בֶּעהַאלְטֶען
דָאס וָוארְט אִין אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט אוּנְד
גוּטְהֶערְצִיגְקֵייט, אוּנְד בְּרֶענְגֶען פְרוּכְט
מִיט גֶעדוּלְד:
16 קֵיינֶער צִינְדֶעט נִיט אָן אֵיין לִיכְט
אוּנְד דֶעקְט עֶס צוּ מִיט אֵיין כֶּלִי, אָדֶער
שְׁטֶעלְט עֶס אוּנְטֶער דֶעם בֶּעט. נֵייעֶרְט
מֶען שְׁטֶעלְט עֶס אוֹיף אֵיין לֵייכְטֶער,
כְּדֵי דִיא וָואס קוּמֶען אַרֵיין זָאלֶען דָאס
לִיכְט זֶעהֶען:
17 וָוארִין עֶס אִין קֵיין זַאךְ נִיט פֶערְ־
הוֹילֶען, וָואס וֶועט נִיט עֶנְטְפְּלֶעקְט
וֶוערֶען, אוּנְד קֵיין זַאךְ אִיז נִיט פֶערְ־
בָּארְגֶען, וָואס וֶועט נִיט צוּ וִויסֶען


געטהון

גֶעטְהוּן וֶוערֶען, אוּנְד וֶועט צוּם לִיכְט
קוּמֶען׃

18 דְרוּם גִיבְּט אַכְטוּנְג וִויא אִיהְר
הֶערְט צוּ. וָוארִין וֶוער עֶס הָאט, צוּ
דֶעם וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען. אוּנְד וֶוער
עֶס הָאט נִיט, פוּן דֶעם וֶועט אַפִּילוּ
אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען דָאס וָואס עֶר
מֵיינְט אַז עֶר הָאט׃

19 אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער אוּנְד זַיינֶע
בְּרִידֶער זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד
הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט צוּ אִיהְם צוּטְרֶע־
טֶען וֶועגֶען דֶעם פָאלְק׃

20 אוּנְד מַאן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דַיינֶע מוּטֶער אוּנְד דַיינֶע בְּרִידֶער
שְׁטֵייעֶן דְרוֹיסֶען אוּנְד ווִילֶען דִיךְ
זֶעהֶען׃

21 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מֵיינֶע מוּטֶער
אוּנְד מֵיינֶע בְּרִידֶער זֶענֶען דִיא, וָואס
הֶערֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט, אוּנְד
טְהוּן עֶס׃

22 אוּנְד עֶס וַואר אָן אֵיינֶעם פוּן דִיזֶע
טֶעג, אַזוֹי אִיז עֶר אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים
אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין שִׁיף, אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר
אַרִיבֶּערְגֵיין צוּ דֶער אַנְדֶערֶער זֵייט פוּן
יַם. אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אַוֶועקְגֶעשִׁיפְט׃

23 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעשִׁיפְט,
אִיז עֶר עֶנְטשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען. אוּנְד
אֵיין שְׁטָארְמְווִינְד אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶעם
יַם, אוּנְד זֵייא וַוארֶען אָנְגֶעפִילְט מִיט
וַואסֶער, אוּנְד וַוארֶען אִין אַ סַכָּנָה׃

24 אוּנְד זֵייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶע־
קוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, הַאר, הַאר, מִיר
וֶוערֶען פֶערְלוֹירֶען. אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיפְ־
גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט אָנְגֶעשְׁרִיגֶען דֶעם
ווִינְד אוּנְד דֶעם שְׁטוּרְם פוּן וַואסֶער,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶערְט, אוּנְד
עֶס וַואר שְׁטִיל׃

25 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וְואוּ אִיז אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען? אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ גֶעווְאוּנְדֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען אֵיינֶער
צוּם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט, וָואס פַאר
אֵיינֶער אִיז דִיזֶער, דָאס עֶר בֶּעפֶעהְלְט
אַפִּילוּ דֶעם ווִינְד אוּנְד דָאס וַואסֶער,
אוּנְד זֵייא הֶערֶען אִיהְם צוּ׃

26 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אֵיינְגֶעשִׁיפְט
אִין דֶעם לַאנְד פוּן דִיא גְדְרוֹנִים, וָואס
אִיז קֶעגֶענְאִיבֶּער גָלִיל׃

27 וֶוען עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אוֹיף
דֶעם לַאנְד, אִיז אִיהְם אֵיין מַאן עֶנְט־
קֶעגֶען גֶעקוּמֶען פוּן דֶער שְׁטָאט, וָואס
הָאט גֶעהַאט שֵׁדִים פַאר אֵיינֶע לַאנְגֶע
צֵייט, אוּנְד הָאט קֵיינֶע קְלֵיידֶער נִיט
אָנְגֶעהַאט, אוּנְד הָאט נִיט גֶעווְאוֹינְט
אִין קֵיין הוֹיז, נֵייעֶרְט צְווִישֶׁען דִיא
קְבָרִים׃

28 ווִיא עֶר הָאט יֵשׁוּעַ דֶערְזֶעהֶען,
אַזוֹי אִיז עֶר פַאר אִיהְם אַנִידֶערְגֶעפַא־
לֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אֵיין
הוֹיךְ קוֹל, וָואס הָאב אִיךְ מִיט דִיר צוּ
טְהוּן, דוּא יֵשׁוּעַ, דֶער זוּהְן פוּן גָאט
דֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶען? אִיךְ בֶּעט דִיךְ,
קְוֶועל מִיךְ נִיט׃

29 וָוארִין עֶר הָאט דֶעם אוּנְרֵיינֶען
רוּחַ גֶעבָּאטֶען אַז עֶר זָאל אַרוֹיסְגֵיין
פוּן דֶעם מַאן. וָוארִין עֶר הָאט אִיהְם
אָפְטְמָאל גֶעפַאנְגֶען; אוּנְד עֶר וַואר
גֶעבּוּנְדֶען מִיט קֵייטֶען אוּנְד וַואר גֶע־
בּוּנְדֶען גֶעהַאלְטֶען, אָבֶּער עֶר הָאט דָאס
בַּאנְד צֶערְבְּרָאכֶען, אוּנְד וַואר גֶעטְרִיבֶּען
פוּן דֶעם שֵׁד אִין דֶער ווִיסְטֶענִים אַרֵיין׃

30 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דֵיין
נָאמֶען? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
לֶעגִיאָן, וָוארִין פִילֶע שֵׁדִים זֶענֶען אִין
אִיהְם אַרֵיינְגֶעקוּמֶען:
31 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען
אַז עֶר זָאל זֵייא נִיט הֵייסֶען אִין דֶער
טִיפֶענִיס אַרֵיינְגֵיין:
32 אוּנְד דָארְט וַואר אַ סְטַאדֶע פוּן
פִילֶע חֲזֵירִים וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפַּא־
שֶׁעט אוֹיף אֵיין בַּארְג, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל זֵייא
דֶערְלוֹיבֶּען צְוִוישֶׁען זֵייא אַרֵיינְצוּגֵיין,
אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא דֶערְלוֹיבְּט:
33 אוּנְד דִיא שֵׁדִים זֶענֶען פוּן דֶעם
מַאן אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען אַרֵיינְ־
גֶעקוּמֶען צְוִוישֶׁען דִיא חֲזֵירִים. אוּנְד
דִיא סְטַאדֶע הָאט זִיךְ אַרוּפְּגֶעשְׁטִירְצְט
פוּן אֵיין מְשׁוּפֶּע אָרְט אִין יַם אַרֵיין,
אוּנְד זֶענֶען דֶערְשְׁטִיקְט גֶעוָוארֶען:
34 וֶוען דִיא הִירְטֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, זֶענֶען זֵייא אַוֶועקְ־
גֶעלָאפֶען, אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאבֶּען עֶס דֶערְצֵיילְט אִין דִיא שְׁטֶעט
אוּנְד אִין דִיא פֶעלְדֶער:
35 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ
זֶעהֶען וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען. אוּנְד זֵייא
זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעפוּנֶען דֶעם מַאן פוּן וֶועלְכֶען דִיא
שֵׁדִים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, זִיצֶען צוּ
דִיא פִּיס פוּן יֵשׁוּעַ, אָנְגֶעקְלֵיידֶעט אוּנְד
בֵּייא זַיין זִינֶען; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
גֶעפָארְכְטֶען:
36 אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען עֶס גֶע־
זֶעהֶען, הָאבֶּען עֶס דֶערְצֵיילְט וִויא אַזוֹי
דֶער וָואס הָאט גֶעהַאט דִיא שֵׁדִים אִיז
גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען:
37 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן דֶער
גֶעגֶענְד פוּן דִיא גְדֵרוֹנִים הָאבֶּען אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען, אַז עֶר זָאל פוּן זֵייא אַוֶועקְ־
גֵיין, וָוארִין אֵיינֶע גְרוֹיסֶע פוּרְכְט הָאט
זֵייא אָנְגֶענוּמֶען. אַזוֹי אִיז עֶר אִין דֶעם
שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ
אוּמְגֶעקֶערְט:
38 אוּנְד דֶער מַאן פוּן וֶועלְכֶען דִיא
שֵׁדִים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, הָאט אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל מִיט אִיהְם זַיין, אָבֶּער
יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט:
39 קֶער דִיךְ אוּם אִין דֵיין הוֹיז אַרֵיין
אוּנְד דֶערְצֵייל וָואס פַאר גְרוֹיסֶע זַאכֶען
גָאט הָאט צוּ דִיר גֶעטְהוּן. אוּנְד עֶר
אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט אוֹיסְ־
גֶערוּפֶען אִין דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאט וָואס
פַאר גְרוֹיסֶע זַאכֶען יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם
גֶעטְהוּן:
40 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ
אוּמְגֶעקֶערְט, אַזוֹי הָאט אִיהְם דָאס
פָאלְק עֶנְטְפַאנְגֶען. וָוארִין זֵייא הָאבֶּען
אַלֶע אוֹיף אִיהְם גֶעוַוארְט:
41 אוּנְד נוּן אִיז גֶעקוּמֶען אֵיין מַאן
וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען יָאִיר, אוּנְד עֶר
וַואר דֶער עֶלְצְטֶער פוּן דֶער שׁוּל. אוּנְד
עֶר אִיז יֵשׁוּעַ צוּ דִיא פִּיס גֶעפַאלֶען,
אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל
אִין זַיין הוֹיז אַרֵיינְקוּמֶען ·
42 וָוארִין עֶר הָאט גֶעהַאט אֵיינֶע
אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶער פוּן צְוֶועלְף יָאהְר,
אוּנְד זִיא וַואר קָרוֹב לְמִיתָה. אָבֶּער
וִויא עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט אִיהְם
דָאס פָאלְק גֶעדְרוּנְגֶען:
43 אוּנְד דָא וַואר אֵיינֶע פְרוֹיא וָואס
הָאט גֶעהַאט אֵיין בְּלוּטְפְלוּס צְוֶועלְף
יָאהְר, אוּנְד וָואס הָאט פֶערְבְּרַאכְט

אִיהְר גַאנְץ פֶּערְמֶעגֶען אוֹיף דָאקְטָארִים,
אוּנְד הָאט בֵּייא קֵיינֶעם נִיט גֶעקֶענְט
גֶעהֵיילְט ווערֶען:
44 אוּנְד זִיא אִיז פוּן הִינְטֶער אִיהְם
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט אָנְגֶערִירְט דֶעם
זוים פוּן זַיין קְלֵייד. אוּנְד אִיהְר בְּלוּט־
פְלוּס אִיז בַּאלְד גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין:
45 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, ווער
הָאט מִיךְ אָנְגֶערִירְט? ווען אַלֶע הָאבֶּען
גֶעלֵייקֶענְט, אַזוֹי הָאט פֶּעטְרוּס אוּנְד
דִיא ווָאס וואָרֶען מִיט אִיהְם גֶעזָאגְט,
הֶאר, דָאס פָאלְק שְׁטוּפֶּען אוּנְד דְרִיקֶען
דִיךְ, אוּנְד דוּא זָאגְסְט, ווער הָאט מִיךְ
אָנְגֶערִירְט?
46 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, אִימֶעצֶער
הָאט מִיךְ אָנְגֶערִירְט. וָוארִין אִיךְ ווייס
אַז גְבוּרָה אִיז פוּן מִיר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען:
47 ווִיא דִיא פְרוֹיא הָאט גֶעזֶעהֶען אַז
זִיא וואַר נִיט פֶערְהוֹילֶען, אַזוֹי אִיז זִיא
גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעצִיטֶערְט, אוּנְד
אִיז פַאר אִיהְם אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען, אוּנְד
הָאט עֶס גֶעזָאגְט פַאר דֶעם גַאנְצֶען
פָאלְק וָוארוּם זִיא הָאט אִיהְם אָנְגֶע־
רִירְט, אוּנְד ווִיא זִיא וואַר בַּאלְד גֶע־
הֵיילְט:
48 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
זֵייא גֶעטְרֵייסְט, טָאכְטֶער, דַיין גְלוֹיבֶּען
הָאט דִיךְ גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט. גֵייא אִין
פְרִידֶען:
49 ווייל עֶר הָאט נָאךְ גֶעשְׁפְּרָאכֶען,
אִיז אֵיינֶער גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם עֶלְצְטֶען
פוּן דֶער שׁוּהְל, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, דֵיינֶע טָאכְטֶער אִיז טוֹיט,
בֶּעמִיה דֶעם רַבִּי נִיט מֶעהְר:
50 אָבֶּער ווען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶע־
הֶערְט, הָאט עֶר אִיהְם גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט פָארְכְט דִיךְ נִיט.
גְלוֹיבּ נָאר, אַזוֹי ווֶעט זִיא גֶעזוּנְד ווערֶען.
51 אוּנְד ווען עֶר אִיז אִין דֶעם הוֹיז
אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר קֵיינֶעם
נִיט גֶעלָאזְט אַרֵיינְקוּמֶען, נֵייעֶרְט פֶּעטְרוּס
אוּנְד יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן, אוּנְד דֶעם
פָאטֶער אוּנְד מוּטֶער פוּן דֶעם קִינְד:
52 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַלֶע גֶעווֵיינְט,
אוּנְד הָאבֶּען אִיבֶּער אִיהְר גֶעקְלָאגְט.
אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, ווֵיינְט נִיט.
זִיא אִיז נִיט טוֹיט, נֵייעֶרְט זִיא שְׁלָאפְט:
53 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶע־
לַאכְט, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעווָאוּסְט
אַז זִיא אִיז טוֹיט:
54 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַלֶע אַרוֹיסְ־
גֶעשִׁיקְט, אוּנְד עֶר הָאט זִיא אָנְגֶענוּמֶען
בֵּייא דֶער הַאנְד, אוּנְד הָאט גֶערוּפֶען
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, מֵיידֶעל, שְׁטֵייא
אוֹיף:
55 אוּנְד אִיהְר גֵייסְט אִיז צוּרִיק גֶע־
קוּמֶען, אוּנְד זִיא אִיז בַּאלְד אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען. אוּנְד עֶר הָאט אִיהְר גֶעהֵייסֶען
צוּ עֶסֶען גֶעבֶּען:
56 אוּנְד אִיהְרֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען זִיךְ
זֶעהְר פֶערְווָאוּנְדֶערְט. אָבֶּער עֶר הָאט
זֵייא אָנְגֶעזָאגְט אַז זֵייא זָאלֶען קֵיינֶעם
נִיט זָאגֶען וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען:

## קאפיטעל ט

1 אוּנְד עֶר הָאט צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען
זַיינֶע צְווֶעלְף תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאט זֵייא
גֶעגֶעבֶּען מַאכְט אוּנְד גֶעוַואלְט אִיבֶּער
אַלֶע שֵׁדִים, אוּנְד קְרֶענְק צוּ הֵיילֶען:
2 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אוֹיסְגֶעשִׁיקְט צוּ
פְּרֶעדִיגֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט,
אוּנְד צוּ הֵיילֶען דִיא קְרַאנְקֶע:
3 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
נֶעמְט גָאר נִישְׁט מִיט אוֹיף דֶעם ווֶעג,
קֵיינֶע שְׁטֶעקֶענְס, אוּנְד קֵיין זַאק, אוּנְד

קֵיין בְּרוֹיט, אוּנְד קֵיין זִילְבֶּער, אוּנְד הָאט נִיט קֵיינֶע צְוֵויא רֶעק פַאר אֵיין מַאן :

4 אוּנְד אִין וָואס פַאר אֵיין הויז אִיהְר וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען, בְּלֵייבְּט דָארְטֶען בִּיז אִיהְר וֶועט פוּן דֶעם אָרְט אַרוֹיסְקוּמֶען :

5 אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט אֵייךְ נִיט אוֹיפְנֶעמֶען, וֶוען אִיהְר גֵייט אַרוֹיס פוּן דִיזֶער שְׁטָאט, אַזוֹי שָׁאקֶעלְט אַפִּילוּ אָפּ דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן אֵיירֶע פִּיס, פַאר אֵיין עֵדוּת צוּ זֵייא :

6 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא דֶערְפֶער, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם, אוּנְד הָאבֶּען גֶעהֵיילְט אִין אַלֶע עֶרְטֶער :

7 אוּנְד הוֹרְדוֹס דֶער טֶעטְרַארְכִים הָאט גֶעהֶערְט פוּן אַלֶע זַאכֶען וָואס וַוארֶען דוּרְךְ אִיהְם גֶעטְהוּן ; אוּנְד עֶר וַואר בֶּעזָארְגְט, וַוייל עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז יוֹחָנָן אִיז פוּן טוֹיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען :

8 אוּנְד עֶטְלִיכֶע אַז אֵלִיָהוּ הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען ; אוּנְד אַנְדֶערֶע, אַז אֵיינֶער פוּן דִיא אַלְטֶע נְבִיאִים אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען :

9 אוּנְד הוֹרְדוֹס הָאט גֶעזָאגְט, יוֹחָנָן הָאבּ אִיךְ דֶעם קָאפּ אַרוּפְּגֶענוּמֶען. אָבֶּער וֶוער אִיז דֶער פוּן וֶועלְכֶען אִיךְ הֶער דִיזֶע זַאכֶען ? אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעוִוינְשְׁט צוּ זֶעהֶען :

10 וֶוען דִיא שְׁלוּחִים הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם דֶערְצֵיילְט אַלֶעס וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן. אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶענוּמֶען, אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען בֵּייא זִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּ אֵיין וִויסְטֶען אָרְט פוּן דֶער שְׁטָאט וָואס הֵייסְט בֵּית־צַיְדָה :

11 אוּנְד וִויא דָאס פָאלְק הָאט דָאס גֶעוְואוּסְט, הָאבֶּען זֵייא אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט. אוּנְד עֶר הָאט זֵייא עֶנְטְפַאנְגֶען, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵיילְט דִיא וָואס הָאבֶּען בֶּעדַארְפְט אֵיין רְפוּאָה אוּנְד דֶער טָאג הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פֶערְבֵּייא צוּ גֵיין :

12 אוּנְד דִיא צְוֶועלְף זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שִׁיק דָאס פָאלְק אַוֶועק, אַז זֵייא זָאלֶען גֵיין צוּ דִיא דֶערְפֶער אוּנְד פֶעלְדֶער אַרוּם הִיר, אוּנְד זָאלֶען אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען אוּנְד זָאלֶען שְׁפֵּייז בֶּעקוּמֶען. וָוארִין מִיר זֶענֶען הִיר אִין אֵיינֶע וִויסְטֶענִים :

13 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גִיבְּט אִיהְר זֵייא צוּ עֶסֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען נִיט מֶעהְר וִויא פִינְף בְּרוֹיט אוּנְד צְוֵייא פִישׁ, אוֹיסְגֶענוּמֶען מִיר וֶועלֶען גֵיין אוּנְד וֶועלֶען קוֹיפֶען עֶסֶען פַאר דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק :

14 וָוארִין זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אֵיין עֶרֶךְ פוּן פִינְף טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען. אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, זֶעצְט זֵייא אַנִידֶער אִין קוּפֶּעס צוּ פוּפְצִיג :

15 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטְהוּן, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט :

16 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא פִינְף בְּרוֹיט אוּנְד דִיא צְוֵייא פִישׁ, אוּנְד הָאט אַרוֹיפְגֶעזֶעהֶען צוּם הִימֶעל, אוּנְד הָאט אִיבֶּער זֵייא בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט עֶס צֶערְבְּרָאכֶען, אוּנְד הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא תַּלְמִידִים אַז זֵייא זָאלֶען עֶס דֶעם פָאלְק פָארְלֵייגֶען :

17 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, אוּנְד
זֶענֶען אַלֶע זַאט גֶעוָוארֶען. אוּנְד הָאבֶּען
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען וָואס אִיז זַייא אִיבֶּערְגֶע־
בְּלִיבֶּען פוּן דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ, צְוֶועלְף
קֶערְבּ:
18 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען עֶר הָאט פַאר
זִיךְ גֶעבֶּעטֶען, אַזוֹי וַוארֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים
מִיט אִיהְם. אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶע־
פְרֶעגְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וָוער זָאגֶען
דִיא לֵייט אַז אִיךְ בִּין:
19 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, יוֹחָנָן דֶער מְטַבֵּל.
אָבֶּער אַנְדֶערֶער זָאגֶען אֵלִיָהוּ. אוּנְד
אַנְדֶערֶע, אַז אֵיינֶער פוּן דִיא אַלְטֶע
נְבִיאִים אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען:
20 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
אָבֶּער וָוער זָאגְט אִיהְר אַז אִיךְ בִּין?
אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, דֶער מָשִׁיחַ פוּן גָאט:
21 אָבֶּער עֶר הָאט זַייא אָנְגֶעשְׁרִיגֶען,
אוּנְד הָאט זַייא אָנְגֶעזָאגְט זַייא זָאלֶען
דָאס קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען:
22 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער בֶּן־
אָדָם מוּס פִיל לֵיידֶען, אוּנְד פֶערְוָוארְ־
פֶען וֶוערֶען פוּן דִיא עֶלְצְטֶע אוּנְד
רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד סוֹפְרִים, אוּנְד אוּמְ־
גֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען, אוּנְד אוֹיפְשְׁטֵיין דֶעם
דְרִיטֶען טָאג:
23 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אַלֶע גֶעזָאגְט,
וֶוער עֶס וִויל מִיר נָאכְקוּמֶען לָאז עֶר
זִיךְ זֶעלְבְּסְט פֶערְלֵייקֶענֶען, אוּנְד לָאז
עֶר טֶעגְלִיךְ נֶעמֶען זַיין קְרֵייץ, אוּנְד
מִיר נָאכְפָאלְגֶען:
24 וָוארִין וֶוער עֶס וֶועט וֶועלֶען זַיין
לֶעבֶּען מַצִיל זַיין, דֶער וֶועט עֶס פֶערְ־
לִירֶען. אָבֶּער וֶוער עֶס וֶועט זַיין לֶעבֶּען
פֶערְלִירֶען פוּן מֵיינֶעט וֶועגֶען, דֶער
וֶועט עֶס מַצִיל זַיין:
25 וָוארִין וָואס הֶעלְפְט עֶס דֶעם
מֶענְשׁ, וֶוען עֶר גֶעוִוינְט דִיא גַאנְצֶע
וֶועלְט, אוּנְד פֶערְלִירְט זִיךְ זֶעלְבְּסְט,
אָדֶער עֶר וֶוערְט בֶּעשֶׁעדִיגְט?
26 וָוארִין וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ שֶׁעמֶען
מִיט מִיר אוּנְד מֵיינֶע רֵייד, מִיט דֶעם
וֶועט זִיךְ דֶער בֶּן־אָדָם אוֹיךְ שֶׁעמֶען,
וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען אִין זַיינֶע הֶערְ־
לִיכְקֵייט, אוּנְד אִין דֶער הֶערְלִיכְקֵייט
פוּן זַיין פָאטֶער אוּנְד פוּן דִיא הֵיילִיגֶע
מַלְאָכִים:
27 אָבֶּער בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, דָא
זֶענֶען עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא וָואס שְׁטֵייעֶן
הִיר, וָואס וֶועלֶען נִיט פֶערְזוּכֶען דֶעם
טוֹיט, בִּיז זַייא וֶועלֶען זֶעהֶען דָאס
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט:
28 אוּנְד עֶס וַואר אִין אַכְט טָאג נָאךְ
דִיזֶע רֵייד. אַזוֹי הָאט עֶר גֶענוּמֶען
פֶּעטְרוּס אוּנְד יוֹחָנָן אוּנְד יַעֲקֹב, אוּנְד
אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף אֵיין בַּארְג
מִתְפַּלֵל צוּ זַיין:
29 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען עֶר הָאט גֶע־
בֶּעטֶען, אַזוֹי הָאט זִיךְ דִיא גֶעשְׁטַאלְט
פוּן זַיין פָּנִים פֶערְעֶנְדֶערְט, אוּנְד זַיין
קְלֵייד וַואר וַוייס אוּנְד הָאט גֶעגְלֶענְצְט:
30 אוּנְד זֶעה, צְווֵייא מֶענֶער הָאבֶּען
מִיט אִיהְם גֶערֶעט, וָואס וַוארֶען משֶׁה
אוּנְד אֵלִיָהוּ:
31 וָואס הָאבֶּען זִיךְ בֶּעוִויזֶען אִין
הֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד הָאבֶּען גֶערֶעט
פוּן זַיין אוֹיסְגַאנְג, וָואס עֶר וֶועט דֶערְ־
פִילֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם:
32 אָבֶּער פֶּעטְרוּס אוּנְד דִיא וָואס
וַוארֶען מִיט אִיהְם וַוארֶען שְׁלֶעפְרִיג,
אוּנְד וִויא זַייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעוַואכְט,
אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעזֶעהֶען זַיינֶע

הערליכקייט, אונד דיא צוויא מענער
וואס זענען ביא איהם געשטאנען:
33 אונד עס וואר ווען זייא האבען זיך
פון איהם אפגעשיידעט, אזוי האט
פעטרוס געזאגט צו ישוע, האר, עס
איז גוט פאר אונס היר צו זיין. אונד
לאזען מיר מאכען דרייא געצעלטען,
איינס פאר דיר, אונד איינס פאר משה,
אונד איינס פאר אליהו. ווארין ער האט
ניט געוואוסט וואס ער זאגט:
34 ווען ער האט דאס גערעט, אזוי
איז איין וואלקען געקומען אונד האט
זייא איבערגעדעקט. אונד זייא האבען
זיך געפארכטען וויא זייא זענען אין
דעם וואלקען אריינגעגאנגען:
35 אונד דא וואר איינע שטימע פון
דעם וואלקען, וואס האט געזאגט, דאס
איז מיין געליבטער זוהן, הערט איהם
צו:
36 אונד וויא דיא שטימע וואר פער־
ביא, אזוי איז ישוע אליין געבליבען.
אונד זייא האבען שטיל געשוויגען,
אונד האבען קיינעם ניט געזאגט אין
דיזע טעג פון קיין זאך וואס זייא
האבען געזעהען:
37 אונד עס וואר אויף דעם אנדערן
טאג, ווען זייא זענען ארופגעגאנגען פון
דעם בארג, אזוי האט איהם איין גרויס
פאלק בעגעגנעט:
38 אונד זעה, איינער פון דעם פאלק
האט געשריען אונד האט געזאגט, רבי,
איך בעט דיך, זעה אויף מיין זוהן,
ווארין ער איז מיין איינציגער:
39 אונד, זעה, איין רוח נעמט איהם,
אונד ער שרייעט פליצלינג. אונד ער
רייסט איהם ביז ער שוימט, אונד ער
גייט שווערליך פון איהם אוועק, ווען
ער האט איהם צערשלאגען:
40 אונד איך האב דיינע תלמידים גע־
בעטען, אז זייא זאלען איהם ארויס־
טרייבען, אונד זייא האבען ניט גע־
קענט:
41 אונד ישוע האט געענטפערט אונד
האט געזאגט, אוי, איהר אומגלויביגע
אונד פערקערט געשלעכט, וויא לאנג
נאך וועל איך מיט אייך זיין, אונד
וועל איך ליידען? ברענג דיין זוהן
אהער:
42 אונד ווייל ער איז צו איהם גע־
קומען, אזוי האט איהם דער שד גע־
ריסען אונד געצערט. אונד ישוע האט
דעם אונריינען רוח אנגעשריען, אונד
האט דאס קינד געהיילט, אונד האט
איהם געגעבען צו זיין פאטער:
43 אונד זייא האבען זיך אלע פער־
וואונדערט איבער דיא הערליכקייט פון
גאט. אונד ווען אלע האבען זיך פער־
וואונדערט איבער אלעס וואס ישוע
האט געטהון, אזוי האט ער צו זיינע
תלמידים געזאגט:
44 לאזען דיזע רייד אין אייערע אויערען
אריינגיין; ווארין דער בן־אדם וועט
איבערגעענטפערט ווערען אין דיא
הענד אריין פון מענשען:
45 אבער זייא האבען דיזע רייד ניט
פערשטאנען, אונד עס וואר פון זייא
פערבארגען אז זייא זאלען עס ניט
בעגרייפען. אונד זייא האבען זיך גע־
פארכטען איהם וועגען דער דאזיגער
זאך צו פרעגען:
46 אונד דא איז איין געדאנקען אין
זייא אריינגעקומען, וועלכער פון זייא
איז דער גרעסטער:
47 אבער ישוע האט געוואוסט דיא

גֶעבְּרַאנְקֶען פוּן זֵייעֶר הַארְץ, אוּנְד עֶר
הָאט גֶענוּמֶען אֵיין קִינְד, אוּנְד הָאט
עֶס בֵּייא זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט:
48 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
װֶער עֶס װֶעט דָאס קִינְד עֶנְטְפַאנְגֶען
אִין מֵיין נָאמֶען, דֶער עֶנְטְפַאנְגְט מִיךְ.
אוּנְד װֶער עֶס װֶעט מִיךְ עֶנְטְפַאנְגֶען,
דֶער עֶנְטְפַאנְגְט דֶעם װָאס הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט; װָארִין דֶער װָאס אִיז דֶער
קְלֵיינְסְטֶער צְװִישֶׁען אֵייךְ אַלֶע, דֶער
װֶעט דֶער עֶרְשְׁטֶער זֵיין:
49 אוּנְד יוֹחָנָן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, מִיר הָאבֶּען גֶע־
זֶעהֶען אֵיינֶעם װָאס טְרֵייבְּט אַרוֹיס
שֵׁדִים אִין דֵיין נָאמֶען, אוּנְד מִיר
הָאבֶּען אִיהְם פֶערְװֶערְט, װֵייל עֶר
פָאלְגְט אוּנְס נִיט נָאךְ:
50 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פֶערְװֶערְט אִיהְם נִיט. װָארִין װֶער עֶס
אִיז נִיט קֶעגֶען אוּנְס, אִיז פַאר אוּנְס:
51 אוּנְד עֶס װַאר װֶען דִיא צֵייט װַאר
דֶערְפִילְט אַז עֶר זָאל אַרוֹיפְגֶענוּמֶען
װֶערֶען, אַזוֹי הָאט עֶר זֵיין פָּנִים שְׁטַארְק
גֶעקֶעהְרְט צוּ גֵיין נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם:
52 אוּנְד עֶר הָאט שְׁלוּחִים פַאר זִיךְ
גֶעשִׁיקְט. אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַװֶעקְגֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען אַרֵיין גֶעקוּמֶען אִין
אֵיין דָארְף פוּן דִיא שֹׁמְרוֹנִים, כְּדֵי זֵייא
זָאלֶען פַאר אִיהְם פֶערְטִיג מַאכֶען:
53 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט אָנְגֶע־
נוּמֶען, װֵייל זֵיין פָּנִים װַאר גֶעקֶעהְרְט
נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם צוּ גֵיין:
54 װֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים, יַעֲקֹב אוּנְד
יוֹחָנָן הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען
זֵייא גֶעזָאגְט, הַאר, װִילְסְט דוּא אַז מִיר
זָאלֶען הֵייסֶען פֵייעֶר פוּן הִימֶעל אַרוּפּ־
קוּמֶען, אַז עֶס זָאל זֵייא פֶערְצֶערֶען,
אַזוֹי וִויא אֵלִיָּהוּ הָאט גֶעטְהוּן?
55 אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט,
אוּנְד הָאט זֵייא אָנְגֶעשְׁרִיעֶן, אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, אִיהְר װֵייסְט נִיט פוּן װָאס
פַאר אֵיין גֵייסְט אִיהְר זֵייט:
56 װָארִין דֶער בֶּן־אָדָם אִיז נִיט גֶע־
קוּמֶען דָאס לֶעבֶּען פוּן מֶענְשֶׁען אוּמְ־
צוּבְּרֶענְגֶען, נֵייעֶרְט עֶס צוּ דֶערְהַאלְטֶען.
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין
אַנְדֶערְן דָארְף אַרֵיין:
57 אוּנְד עֶס װַאר װִיא זֵייא זֶענֶען
גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם װֶעג, אַזוֹי הָאט
אֵיין מַאן צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, אִיךְ
װֶעל דִיר נָאכְפָאלְגֶען װְאוּ אַהִין דוּא
װֶעסְט גֵיין:
58 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דִיא פוּקְסֶען הָאבֶּען לֶעכֶער, אוּנְד דִיא
פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל הָאבֶּען נֶעסְטֶען.
אָבֶּער דֶער בֶּן־אָדָם הָאט נִיט װְאוּ דֶעם
קָאפּ אַנִידֶערְצוּלֵייגֶען:
59 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אֵיין אַנְדֶערְן
גֶעזָאגְט, פָאלְג מִיר נָאךְ. אָבֶּער עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, דֶערְלוֹיבּ מִיר, אַז
אִיךְ זָאל צוּעֶרְשְׁט גֵיין מֵיין פָאטֶער צוּ
בֶּעגְרָאבֶּען:
60 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, לָאזֶען דִיא טוֹיטֶע זֵייעֶרֶע
אֵייגֶענֶע טוֹיטֶע בֶּעגְרָאבֶּען; אָבֶּער דוּא
גֵייא אוּנְד פְּרֶעדִיג דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט:
61 אוּנְד װִידֶער אֵיין אַנְדֶערֶער הָאט
גֶעזָאגְט, הַאר, אִיךְ װִיל דִיר נָאכְפָאלְגֶען,
אָבֶּער דֶערְלוֹיבּ מִיר צוּעֶרְשְׁט אַז אִיךְ
זָאל מִיךְ גֶעזֶעגֶענֶען מִיט מֵיין הוֹיזְ־
גֶעזִינְד:
62 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, קֵיין מֶענְשׁ װָאס לֵייגְט זֵיינֶע

האנד

הַאנְד צוּם אַקֶער אוּנְד זֶעהְט הִינְטָער
זִיךְ, אִיז טוּיגְלִיךְ פַאר דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן גָאט׃

קאפיטעל י

1 נָאךְ דִיזֶען הָאט דֶער הַאר אוֹיסְ־
דֶערְוֵוילְט נָאךְ זִיבְּצִיג אַנְדֶערֶע, אוּנְד
הָאט זֵייא אוֹיסְגֶעשִׁיקְט פָּארְוֵויז פַאר
אִיהְם, אִין אִיטְלִיכֶער שְׁטָאט אוּנְד אָרְט
אַרֵיין, ווְאוּ אַהִין עֶר הָאט זֶעלְבְּסְט
גֶעוָואלְט קוּמֶען׃
2 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
דֶער שְׁנִיט אִיז גְרוֹים, אָבֶּער דִיא
אַרְבֵּייטֶער זֶענֶען וֵוינִיג. דְרוּם בֶּעט
דֶעם הַאר פוּן דֶעם שְׁנִיט, אַז עֶר זָאל
שִׁיקֶען אַרְבֵּייטֶער צוּ זֵיין שְׁנִיט׃
3 גֵייט אֵייעֶר וֶועג. זֶעהְט אִיךְ שִׁיק
אֵייךְ וִויא שָׁאף צְווִישֶׁען וֶועלְף׃
4 נֶעמְט נִיט מִיט קֵיין בֵּייטֶעל, אוּנְד
קֵיין זַאק, אוּנְד קֵיינֶע שִׁיךְ, אוּנְד גְרִיסְט
קֵיינֶעם נִיט אוֹיף דֶעם וֶועג׃
5 אוּנְד אִין וָואס פַאר אֵיין הוֹיז אִיהְר
וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען, זָאגְט צוּעֶרְשְׁט, שָׁלוֹם
צוּ דִיזֶען הוֹיז׃
6 אוּנְד וֶוען דֶער זוּהְן פוּן שָׁלוֹם וֶועט
דָארְטֶען זֵיין, אַזוֹי וֶועט אֵייעֶר שָׁלוֹם
אוֹיף אִיהְם רוּהֶען. אוּנְד וֶוען נִיט, אַזוֹי
וֶועט עֶס זִיךְ צוּ אֵייךְ אוּמְקֶערֶען׃
7 אוּנְד בְּלֵייבְּט אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
הוֹיז, אוּנְד עֶסְט אוּנְד טְרִינְקְט וָואס
זֵייא הָאבֶּען. וָוארִין דֶער אַרְבֵּייטֶער אִיז
וֶוערְט זֵיין שְׂכַר. גֵייט נִיט פוּן אֵיין הוֹיז
אִין דֶעם אַנְדֶערְן אַרֵיין׃
8 אוּנְד אִין וָואס פַאר אֵיינֶע שְׁטָאט
אִיהְר וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען אֵייךְ אוֹיפְנֶעמֶען, עֶסְט וָואס
מֶען שְׁטֶעלְט אֵייךְ פָאר׃
9 אוּנְד הֵיילְט דִיא וָואס זֶענֶען דָארְטֶען
קְרַאנְק, אוּנְד זָאגְט צוּ זֵייא, דָאס
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז צוּ אֵייךְ נָאהְנְט
גֶעקוּמֶען׃
10 אָבֶּער אִין וָואס פַאר אֵיינֶע שְׁטָאט
אִיהְר וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען אֵייךְ נִיט אוֹיפְנֶעמֶען, אַזוֹי גֵייט
אַרוֹיס אִין אִיהְרֶע גַאסֶען אַרֵיין, אוּנְד
זָאגְט׃
11 אַפִילוּ דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן אֵייעֶרֶע
שְׁטָאט, וָואס קְלֶעבְּט אָן אוּנְס, טְהוּן
מִיר צוּ אֵייךְ אָפְּשָׁאקְלֶען. אָבֶּער וֵויסְט
דָאס, אַז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז
צוּ אֵייךְ נָאהְנְט גֶעקוּמֶען׃
12 אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ אַז עֶס וֶועט
אִין דִיזֶען טָאג לֵייכְטֶער זֵיין פַאר
סְדוֹם, וִויא פַאר דִיזֶער שְׁטָאט׃
13 וֵוייא צוּ דִיר כּוֹרָזִין, וֵוייא צוּ דִיר
בֵּית־צַיְדָה. וָוארִין וֶוען דִיא גְבוּרוֹת
וָואס זֶענֶען אִין אֵייךְ גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען,
זָאלְטֶען גֶעטְהוּן וֶוערֶען אִין צוֹר אוּנְד
צִידוֹן, אַזוֹי הֶעטֶען זֵייא שׁוֹין לַאנְג גֶע־
זֶעסֶען אִין זַאק אוּנְד אַשֶׁע, אוּנְד
הֶעטֶען תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן׃
14 אָבֶּער עֶס וֶועט בֵּיים מִשְׁפָּט
לֵייכְטֶער זֵיין פַאר צוֹר אוּנְד צִידוֹן,
וִויא פַאר אֵייךְ׃
15 אוּנְד דוּא כְּפַר־נָחוּם, וָואס דוּא
בִּיסְט דֶערְהֵייכְט בִּיז צוּם הִימֶעל,
וֶועסְט עֶרְנִידֶערְט וֶוערֶען בִּיז אִין דֶעם
שְׁאוֹל אַרֵיין׃
16 דֶער וָואס הֶערְט אֵייךְ צוּ, הֶערְט
מִיךְ צוּ. אוּנְד וֶוער עֶס פֶערְמִיאוּסְת
אֵייךְ, פֶערְמִיאוּסְת מִיךְ. אוּנְד דֶער וָואס
טְהוּט מִיךְ פֶערְמִיאוּסֶען, דֶער פֶערְ־
מִיאוּסְת דֶעם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט׃
17 אוּנְד דִיא זִיבְּצִיג הָאבֶּען זִיךְ אוּמְ־
גֶעקֶערְט מִיט פְרֵייד, אוּנְד הָאבֶּען

גֶעזָאגְט, הַאר, אַפִּילוּ דִיא שֵׁדִים זֶענֶען
אוֹיךְ צוּ אוּנְס אוּנְטֶערְטֶענִיג אִין דֵיין
נָאמֶען :
18 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דֶעם שָׂטָן אַרוּפְּ־
פַּאלֶען פוּן הִימֶעל וִויא אֵיין בְּלִיץ :
19 זֶעהְט, אִיךְ גִיבּ אֵייךְ מַאכְט צוּ
טְרֶעטֶען אוֹיף שְׁלַאנְגֶען אוּנְד עֶגְדִיסֶען,
אוּנְד אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶען מַאכְט פוּן
דֶעם פֵיינְד, אוּנְד קֵיין זַאךְ וֶועט אֵייךְ
נִיט בֶּעשֶׁעדִיגֶען :
20 אָבֶּער פְרֵייעֶט אֵייךְ נִיט אִיבֶּער
דֶעם, וָואס דִיא רוּחוֹת זֶענֶען צוּ אֵייךְ
אוּנְטֶערְטֶענִיג. פְרֵייעֶט אֵייךְ בֶּעסֶער,
וַוייל אֵיירֶע נֶעמֶען זֶענֶען אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען
אִין דֶעם הִימֶעל :
21 אִין דֶער דָאזִיגֶער שָׁעָה הָאט זִיךְ
יֵשׁוּעַ גֶעפְרֵייט אִין דֶעם גֵייסְט, אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ דַאנְק דִיר פָאטֶער,
הַאר פוּן הִימֶעל אוּנְד עֶרְד, דָאס דוּא
הָאסְט דִיזֶע זַאכֶען פֶערְהוּילֶען פוּן דִיא
חֲכָמִים אוּנְד פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע, אוּנְד דוּא
הָאסְט זֵייא עֶנְטפְּלֶעקְט צוּ יוּנְגֶע קִינְ־
דֶער. יוֹיא פָאטֶער, וָוארִין עֶס אִיז דִיר
אַזוֹי וְואויל גֶעפַאלֶען :
22 עֶס אִיז מִיר אַלֶעס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
פוּן מֵיין פָאטֶער, אוּנְד קֵיינֶער וַוייסְט
נִיט וֶוער דֶער זוּהְן אִיז, נֵייעֶרְט דֶער
פָאטֶער. אוּנְד וֶוער דֶער פָאטֶער אִיז,
נֵייעֶרְט דֶער זוּהְן, אוּנְד דֶער צוּ וֶועמֶען
דֶער זוּהְן וִויל אִיהְם עֶנְטפְּלֶעקֶען :
23 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעקֶערְט צוּ
זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאט שְׁטִילֶערְהֵייט
גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא אוֹיגֶען
וָואס זֶעהֶען דָאס וָואס אִיהְר זֶעהְט :
24 וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז פִילֶע
נְבִיאִים אוּנְד מְלָכִים הָאבֶּען גֶעוִוינְשְׁט
צוּ זֶעהֶען וָואס אִיהְר זֶעהְט, אוּנְד
הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען. אוּנְד צוּ הֶערֶען
וָואס אִיהְר הֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען נִיט
גֶעהֶערְט :
25 אוּנְד זֶעה, אֵיין בַּעַל תּוֹרָה אִיז
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶע־
פְּרוּפְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, רַבִּי, וָואס
זָאל אִיךְ טְהוּן אַז אִיךְ זָאל יַרְשְׁנ'ן דָאס
אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען :
26 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וָואס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער תּוֹרָה ?
וִויא אַזוֹי לֵייעֶנְסְט דוּא ?
27 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט דֶעם
הַאר, דֵיין גָאט, לִיבֶּען מִיט דֵיין גַאנְ־
צֶען הַארְץ, אוּנְד מִיט דֵיינֶער גַאנְצֶער
זֵייל, אוּנְד מִיט דֵיינֶער גַאנְצֶער מַאכְט,
אוּנְד מִיט דֵיין גַאנְצֶען גֶעמִיט, אוּנְד
דֵיין גֶעזֶועלֶען וִויא דִיךְ אַלֵיין :
28 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דוּא הָאסְט רִיכְטִיג גֶעעֶנְטפֶערְט ; טְהוּא
דָאס אוּנְד דוּא וֶועסְט לֶעבֶּען :
29 אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט
רֶעכְטפֶערְטִיגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט
צוּ יֵשׁוּעַ, אוּנְד וֶוער אִיז מֵיין גֶעזֶועל
(חָבֵר) ?
30 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, אֵיין מַאן אִיז אַרוּפְּגֶעגֶע־
גַאנְגֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם נָאךְ יְרִיחוֹ, אוּנְד
אִיז אַרֵיינְגֶעפַאלֶען צְווִישֶׁען רוֹיבֶּערְס
וָואס הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד זֶענֶען
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען הַאלְבּ טוֹיט :
31 אוּנְד עֶס הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען אַז
אֵיין כֹּהֵן אִיז דִיזֶען וֶועג פֶערְבֵּייא גֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אִיהְם

גֶעזֶעהֶען, אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אויף
דֶער אַנְדֶערֶער זַייט :
32 אוּנְד אַזוֹי אויךְ אֵיין לֵוִי, וֶוען עֶר
וַואר אויף דִיזֶען אָרְט, אִיז גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אוּנְד אִיז
פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען אויף דֶער אַנְדֶערֶער
זַייט :
33 אָבֶּער אֵיינֶער פוּן דִיא שֹׁמְרוֹנִים
הָאט גֶערֵייזְט, אוּנְד אִיז צוּ אִיהְם אָנְ־
גֶעקוּמֶען, אוּנְד וִויא עֶר הָאט אִיהְם
גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאט עֶר אִיבֶּער אִיהְם
רַחֲמָנוּת בֶּעקוּמֶען :
34 אוּנְד עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
הָאט זַיינֶע וְואוּנְדֶען פֶערְבּוּנְדֶען, אוּנְד
הָאט אִין זֵייא אַרֵיינְגֶעגָאסֶען אֵייל אוּנְד
וַויין, אוּנְד הָאט אִיהְם אויף זַיינֶע
בְּהֵמָה אַרויפְגֶעזֶעצְט, אוּנְד הָאט אִיהְם
אִין אֵיינֶע הֶערְבֶּערְגֶע אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט,
אוּנְד הָאט אויף אִיהְם אַכְטוּנְג גֶע־
גֶעבֶּען :
35 אוּנְד אִין דֶער פְרִיה וֶוען עֶר אִיז
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר אַרויסְ־
גֶענוּמֶען צְוֵוייא גִילְדֶען אוּנְד עֶר הָאט
זֵייא גֶעגֶעבֶּען צוּם ווִירְט, אוּנְד הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גִיבּ אויף אִיהְם
אַכְטוּנְג, אוּנְד וָואס דוּא וֶועסְט מֶעהְר
אויסְגֶעבֶּען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיר בֶּעצָא־
לֶען וֶוען אִיךְ וֶועל צוּרִיק קוּמֶען :
36 וֶועלְכֶער נוּן פוּן דִיא דְרֵייא, דַאכְט
זִיךְ דִיר, אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין גֶעזֶעלֶען פוּן
דֶעם וָואס אִיז גֶעפַאלֶען צְווִישֶׁען דִיא
רויבֶּערס :
37 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער וָואס
הָאט מִיט אִיהְם חֶסֶד גֶעטְהוּן. אַזוֹי
הָאט יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא אוּנְד
טְהוּא דוּא אויךְ אַזוֹי :
38 אוּנְד עֶס וַואר ווִיא זֵייא זֶענֶען
גֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי אִיז עֶר אִין אֵיין דָארְף
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען. אוּנְד אֵיינֶע פְרויא וָואס
הָאט גֶעהֵייסֶען מַרְתָּה הָאט אִיהְם
אַרֵיינְגֶענוּמֶען אִין אִיהְר הויז :
39 אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט אֵיינֶע
שְׁוֶועסְטֶער וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען מִרְיָם,
וָואס אִיז אויךְ גֶעזֶעסֶען בֵּייא דִיא פִּיס
פוּן יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאט צוּגֶעהֶערְט זַיינֶע
רֵייד :
40 אָבֶּער מַרְתָּה הָאט זִיךְ בֶּעמִיהְט
מִיט פִיל אַרְבֵּייט ; אוּנְד זִיא אִיז צוּ־
גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר,
פְרֶעגְסְט דוּא נִיט דֶערְנָאךְ דָאס מֵיינֶע
שְׁוֶועסְטֶער הָאט מִיךְ אַלֵיין אִיבֶּערְגֶע־
לָאזְט צוּ בֶּעדִינֶען ? דְרוּם זָאג אִיהְר
אַז זִיא זָאל מִיר הֶעלְפֶען :
41 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, מַרְתָּה,
מַרְתָּה, דוּא זָארְגְסְט אוּנְד בֶּעמִיהְסְט
דִיךְ וֶועגֶען פִילֶע זַאכֶען :
42 אָבֶּער אֵיין זַאךְ אִיז נֵייטִיג. אוּנְד
מִרְיָם הָאט זִיךְ דָאס גוּטֶע טֵייל אויסְ־
דֶערְוֵוילְט, וָואס וֶועט נִיט פוּן אִיהְר
אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען :

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען
אויף אֵיין אָרְט אוּנְד הָאט מִתְפַּלֵל גֶע־
וֶועזֶען, וֶוען עֶר הָאט אויפְגֶעהֶערְט, אַזוֹי
הָאט אֵיינֶער פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, הַאר, לֶעהְר אוּנְס צוּ בֶּעטֶען,
אַזוֹי ווִיא יוֹחָנָן הָאט אויךְ זַיינֶע תַּלְמִידִים
גֶעלֶערְנְט :
2 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוען
אִיהְר זַייט מִתְפַּלֵל, זָאגְט, אוּנְזֶער
פָאטֶער וָואס דוּא בִּיסְט אִים הִימֶעל,
גֶעהֵיילִיגְט זָאל זַיין דֵיין נָאמֶען. מֶעג
דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ קוּמֶען. דֵיין ווִילֶען זָאל

גֶעטְהוּן װֶערֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אַזוֹי
וִויא אִים הִימֶעל׃
3 גִיבּ אוּנְס אַלֶע טָאג אוּנְזֶער טֶעגְלִיךְ
בְּרוֹיט׃
4 אוּנְד פֶערְגִיבּ אוּנְס. אוּנְזֶערֶע זִינְדֶען.
וָוארִין מִיר פֶערְגֶעבֶּען אוֹיךְ אַלֶע דִיא
וָואס זֶענֶען אוּנְס שׁוּלְדִיג. אוּנְד בְּרֶענְג
אוּנְס נִיט אִין קֵיינֶער פְּרִיפוּנְג, נֵייעֶרְט
הִיט אוּנְס פוּן דֶעם בֵּייזֶען׃
5 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
װֶעלְכֶער פוּן אֵייךְ וָואס הָאט אֵיין
פְרֵיינְד, אוּנְד עֶר װֶעט צוּ אִיהְם גֵיין
אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט, אוּנְד װֶעט צוּ
אִיהְם זָאגֶען, פְרֵיינְד, בָּארְג מִיר דְרֵייא
בְּרוֹיט׃
6 וָוארִין מֵיין פְרֵיינְד אִיז צוּ מִיר גֶע־
קוּמֶען פוּן דֶעם װֶעג, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
אִיהְם נִיט וָואס פָארְצוּשְׁטֶעלֶען׃
7 אוּנְד דֶער פוּן דְרִינֶען װֶעט עֶנְט־
פֶערֶען אוּנְד זָאגֶען, זֵייא מִיךְ נִיט
מַטְרִיחַ. דִיא טִיר אִיז שׁוֹין פֶערְשְׁלָא־
סֶען, אוּנְד מֵיינֶע קִינְדֶער זֶענֶען מִיט
מִיר אִים בֶּעט, אִיךְ קֶען נִיט אוֹיפְשְׁטֵיין
אוּנְד עֶס דִיר גֶעבֶּען׃
8 אִיךְ זָאג אֵייךְ, װֶען עֶר װֶעט אוֹיךְ
נִיט װֶעלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד אִיהְם
גֶעבֶּען וַוייל עֶר אִיז זֵיין פְרֵיינְד, אָבֶּער
װֶעגֶען זֵיין פִיל בֶּעטֶען װֶעט עֶר אוֹיפְ־
שְׁטֵיין אוּנְד װֶעט אִיהְם גֶעבֶּען אַזוֹי
פִיל וִויא עֶר בֶּעדַארְף׃
9 אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ אוֹיךְ, בֶּעטֶעט,
אוּנְד עֶס װֶעט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען.
זוּכְט, אוּנְד אִיהְר װֶעט גֶעפִינֶען. קְלַאפְּט
אָן, אוּנְד עֶס װֶעט אֵייךְ אוֹיפְגֶעמַאכְט
װֶערֶען׃
10 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס בֶּעטֶעט,
קְרִיגְט, אוּנְד דֶער וָואס זוּכְט, גֶעפִינְט,
אוּנְד צוּ דֶעם וָואס קְלַאפְּט אָן, װֶעט
עֶס אוֹיפְגֶעמַאכְט װֶערֶען׃
11 אוּנְד װֶער אִיז אֵיין פָאטֶער צְווִישֶׁען
אֵייךְ, וָואס װֶען זֵיין זוּהְן װֶעט אִיהְם
בֶּעטֶען אוּם בְּרוֹיט, װֶעט עֶר אִיהְם גֶעבֶּען
אֵיין שְׁטֵיין? אוּנְד װֶען עֶר װֶעט בֶּעטֶען
אֵיין פִישׁ, װֶעט עֶר אִיהְם גֶעבֶּען אֵיינֶע
שְׁלַאנְג פַאר אֵיין פִישׁ׃
12 אָדֶער װֶען עֶר װֶעט בֶּעטֶען אֵיין
אֵיי, װֶעט עֶר אִיהְם גֶעבֶּען אֵיין
עֶנְגְדֶעשׁ׃
13 דְרוּם װֶען אִיהְר וָואס זֶענְט שְׁלֶעכְט,
וַוייסְט צוּ גֶעבֶּען גוּטֶע מַתָּנוֹת צוּ אֵיירֶע
קִינְדֶער, וִויא פִיל מֶעהְר װֶעט דֶער
פָאטֶער אִים הִימֶעל גֶעבֶּען דֶעם רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ צוּ דִיא וָואס בֶּעטֶען אִיהְם׃
14 אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען אֵיין
שֵׁד, אוּנְד עֶר וַואר שְׁטוּם. אוּנְד עֶס
וַואר װֶען דֶער שֵׁד אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען,
אַזוֹי הָאט דֶער שְׁטוּמֶער גֶערֶעט. אוּנְד
דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט׃
15 אָבֶּער עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, עֶר טְרֵייבְּט אַרוֹיס שֵׁדִים דוּרְךְ
דֶעם בַּעַל־זְבוּב דֶעם הַאר פוּן דִיא
שֵׁדִים׃
16 אוּנְד אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
פְּרוּפְט, אוּנְד הָאבֶּען פוּן אִיהְם פֶערְ־
לַאנְגְט אֵיין צֵייכֶען פוּן הִימֶעל׃
17 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט זֵיירֶע
גֶעדַאנְקֶען, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיטְלִיכֶעס קֶענִיגְרֵייךְ וָואס אִיז מִיט זִיךְ
זָעלְבְּסְט נִיט אֵיינִיג, װֶערְט פֶערְווִיסְט,
אוּנְד אֵיין הוֹיז וָואס אִיז מִיט זִיךְ זָעלְבְּסְט
נִיט אֵיינִיג, פַאלְט אֵיין׃
18 אוּנְד װֶען דֶער שָׂטָן אִיז מִיט זִיךְ
זָעלְבְּסְט נִיט אֵיינִיג, וִויא אַזוֹי זָאל זֵיין
קֶענִיגְרֵייךְ בֶּעשְׁטֵיין? וָוארִין אִיהְר

זָאגְט, אַז אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹים שֵׁדִים דוּרְךְ
בַּעַל־זְבוּב:
19 אוּנְד װֶוען אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹים שֵׁדִים
דוּרְךְ בַּעַל־זְבוּב, דוּרְךְ װֶועמֶען טְהוּן זֵייא
אֵיירֶע קִינְדֶער אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען? דְרוּם
װֶועלֶען זֵייא זַיין אֵיירֶע רִיכְטֶער:
20 אָבֶּער װֶוען אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹים שֵׁדִים
מִיט דֶעם פִינְגֶער פוּן גָאט, אַזוֹי אִיז
דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט זִיכֶערְלִיךְ צוּ
צוּ אֵייךְ גֶעקוּמֶען:
21 װֶוען אֵיין שְׁטַארְקֶער אוּנְד גֶעװַאפֶּ־
פֶּענְטֶער מַאן הִיט זַיין פַּאלַאסְט, אַזוֹי
אִיז זַיין פֶּערְמֶעגֶען זִיכֶער:
22 אָבֶּער װֶוען אֵיין שְׁטַארְקֶערֶער פוּן
אִיהְם װֶועט קוּמֶען אוּנְד װֶועט אִיהְם
בֵּייקוּמֶען, אַזוֹי װֶועט עֶר אַװֶועקְנֶעמֶען
זַיין װַאפֶּען אִין װֶועלְכֶער עֶר הָאט זִיךְ
פֶערְזִיכֶערְט, אוּנְד װֶועט זַיין רוֹיבּ צֶערְ־
טְהֵיילֶען:
23 דֶער װָאס אִיז נִיט מִיט מִיר, אִיז
קֶעגֶען מִיר, אוּנְד דֶער װָאס זַאמֶעלְט
נִיט מִיט מִיר, דֶער צֶערְשְׁפְּרֵייט:
24 װֶוען דֶער אוּמְרֵיינֶער רוּחַ גֵייט
אַרוֹים פוּן אֵיין מֶענְשׁ, אַזוֹי גֵייט עֶר
אַרוּם אִין טְרוּקֶענֶע עֶרְטֶער, אוּנְד זוּכְט
רוּהֶ, אוּנְד גֶעפִינְט זִיא נִיט. אַזוֹי זָאגְט
עֶר, אִיךְ װֶועל מִיךְ אוּמְקֶערֶען אִין מֵיין
הוֹיז אַרֵיין, פוּן װַאנֶען אִיךְ בִּין אַרוֹיסְ־
גֶעקוּמֶען:
25 אוּנְד װֶוען עֶר קוּמְט, גֶעפִינְט עֶר
עֶס אוֹיסְגֶעקֶערְט אוּנְד אוֹיסְגֶעצִירְט:
26 אַזוֹי גֵייט עֶר אוּנְד נֶעמְט זִיבֶּען
אַנְדֶערֶע רוּחוֹת נָאךְ עֶרְגֶער װִיא עֶר,
אוּנְד קוּמֶען אוּנְד װְואוֹינֶען דָארְט. אוּנְד
דֶער סוֹף פוּן דֶעם מֶענְשׁ אִיז עֶרְגֶער
װִיא דֶער אָנְפַאנְג:
27 אוּנְד עֶס װַאר, װֶוען עֶר הָאט דָאס
גֶערֶעט, אַזוֹי הָאט אֵיינֶע פְרוֹיא פוּן
צְװִישֶׁען דֶעם פָאלְק אִיהְר קוֹל אוֹיפְ־
גֶעהוֹיבֶּען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, װְואוֹיל
דֶעם לֵייבּ װָאס הָאט דִיךְ גֶעטְרָאגֶען,
אוּנְד דִיא בְּרִיסְטֶען װָאס דוּא הָאסְט
גֶעזֵייגְט:
28 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בֶּעסֶער,
װְואוֹיל צוּ דִיא װָאס הֶערֶען דָאס װָארְט
פוּן גָאט אוּנְד הַאלְטֶען עֶס:
29 אוּנְד װִיא דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ
צוּנוֹיפְגֶעדְרוּנְגֶען, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען
צוּ זָאגֶען, דָאס אִיז אֵיין בֵּייז גֶעשְׁלֶעכְט;
זֵייא זוּכֶען אֵיין צֵייכֶען; אָבֶּער קֵיין אַנְ־
דֶערֶעס צֵייכֶען װֶועט זֵייא נִיט גֶעגֶעבֶּען
װֶוערֶען, נֵייעֶרְט דָאס צֵייכֶען פוּן יוֹנָה
הַנָּבִיא:
30 װָארִין אַזוֹי װִיא יוֹנָה װַאר אֵיין
צֵייכֶען צוּ דִיא לֵייט פוּן נִינְוֵה, אַזוֹי
װֶועט דֶער בֶּן־אָדָם זַיין צוּ דִיזֶען גֶע־
שְׁלֶעכְט:
31 דִיא מַלְכָּה פוּן תֵּימָן װֶועט אוֹיפְ־
שְׁטֵיין אִין דֶעם מִשְׁפָּט מִיט דִיא לֵייט
פוּן דִיזֶען גֶעשְׁלֶעכְט, אוּנְד װֶועט זֵייא
פֶערְשׁוּלְדִיגֶען. װָארִין זִיא אִיז גֶעקוּמֶען
פוּן דֶעם עֶק װֶועלְט צוּ הֶערֶען דִיא
חָכְמָה פוּן שְׁלֹמֹה, אוּנְד זֶעה, הִיר אִיז
אֵיין גְרֶעסֶערֶער פוּן שְׁלֹמֹה:
32 דִיא לֵייט פוּן נִינְוֵה װֶועלֶען אוֹיפְ־
שְׁטֵיין אִין דֶעם מִשְׁפָּט מִיט דִיזֶען גֶע־
שְׁלֶעכְט, אוּנְד װֶועלֶען עֶס פֶערְשׁוּלְדִיגֶען;
װָארִין זֵייא הָאבֶּען תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן בֵּייא
דֶער פְּרֶעדִיגְט פוּן יוֹנָה, אוּנְד זֶעה, הִיר
אִיז אֵיין גְרֶעסֶערֶער פוּן יוֹנָה:
33 אוּנְד קֵיינֶער צִינְדֶעט נִיט אָן אֵיין
לִיכְט אוּנְד שְׁטֶעלְט עֶס אִין אֵיין פֶערְ־
בָּארְגֶענֶעם אָרְט, אָדֶער אוּנְטֶער אֵיין
מֶעסְטֶעל, נֵייעֶרְט אוֹיף אֵיין לֵייכְטֶער,

אז

אַז דיא וָואס קוּמֶען אַרֵיין זָאלֶען זֶעהֶען דָאס לִיכְט:

34 דָאס לִיכְט פוּן דֶעם לֵייבּ אִיז דָאס אויג. דְרוּם וֶוען דַיין אויג אִיז גוּט, אַזוֹי אִיז דַיין גַאנְצֶער לֵייבּ לִיכְטִיג, אָבֶּער וֶוען עֶס אִיז בֵּייז, אַזוֹי אִיז דַיין לֵייבּ פִינְסטֶער:

35 דְרוּם זֶעה, אַז דָאס לִיכְט וָואס אִיז אִין דִיר זָאל נִיט פִינְסטֶער זַיין:

36 דְרוּם וֶוען דַיין גַאנְצֶער לֵייבּ אִיז לִיכְטִיג, אוּנְד קֵיין טְהֵייל דֶערְפוּן אִיז נִיט פִינְסטֶער, אַזוֹי וֶועט דָאס גַאנְצֶע לִיכְטִיג זַיין, וִויא אֵיין לִיכְט וָואס לֵייכְט דִיר בֵּייא זַיינֶע שֵׁיינוּנְג:

37 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶערֶעט, אַזוֹי הָאט אִיהְם אֵיין פָּרוּשׁ גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל בֵּייא אִיהְם עֶסֶען. אוּנְד עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט זִיךְ צוּם טִישׁ גֶעזֶעצְט:

38 וֶוען דֶער פָּרוּשׁ הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט ווייל עֶר הָאט זִיךְ נִיט פְרִיהֶער גֶעוַואשֶׁען פַאר דֶעם עֶסֶען:

39 אָבֶּער דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיהְר פְּרוּשִׁים רֵיינִיגְט אַצוּנְד דֶעם בֶּעכֶער אוּנְד דִיא שִׁיסֶעל פוּן אויסֶעוֵוייניג, אָבֶּער אִינֶעוֵוייניג זֶענֶען זַייא פוּל מִיט רוֹיבּ אוּנְד אוּמְרֶעכְט:

40 אִיהְר נַארֶען, דֶער וָואס הָאט גֶעמַאכְט דָאס אויסֶעוֵוייניגְסטֶע, הָאט עֶר דֶען נִיט דָאס אִינֶעוֵוייניגְסטֶע אויךְ גֶעמַאכְט?

41 אָבֶּער גִיבְּט צְדָקָה פוּן דֶעם וָואס אִיהְר הָאט, אוּנְד אַזוֹי אִיז אַלֶעס רֵיין צוּ אֵייךְ:

42 אָבֶּער וֵוייא צוּ אֵייךְ פְּרוּשִׁים! וָוארִין אִיהְר גִיבְּט מַעֲשֵׂר פוּן מִינְט אוּנְד רוּטֶען אוּנְד אַלֶערְלֵייא קְרֵייטִיכְעֶר, אוּנְד גֵייט פֶערְבֵּייא דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן גָאט! דִיזֶעס קֶערְט אִיהְר צוּ טְהוּן, אוּנְד דָאס אַנְדֶערֶע אויךְ נִיט צוּ פֶערְלָאזֶען!

43 וֵוייא צוּ אֵייךְ פְּרוּשִׁים! וָוארִין אִיהְר לִיבְּט אויבֶּען אָן צוּ זִיצֶען אִין דִיא שׁוּלֶען אוּנְד גֶעגְרִיסְט צוּ וֶוערֶען אִין דִיא גַאסֶען:

44 וֵוייא צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים! אִיהְר הֵייכְלֶערְס! וָוארִין אִיהְר זַייט ווִיא פֶערְדֶעקְטֶע קְבָרִים, אוּנְד דִיא לֵייט גֵיין אַרוּם דְרוֹיף, אוּנְד וִויסֶען עֶס נִיט:

45 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא בַּעֲלֵי תּוֹרָה הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, וֶוען דוּא זָאגְסְט דָאס, אַזוֹי טְהוּסְט דוּא אוּנְס אויךְ בֶּעלֵיידִיגֶען:

46 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֵוייא צוּ אֵייךְ אויךְ, אִיהְר בַּעֲלֵי תּוֹרָה! וָוארִין אִיהְר טְהוּט דִיא לֵייט בֶּעלָאדֶען מִיט לַאסְטֶען וָואס זֶענֶען שְׁוֶוער צוּ דֶערְטְרָאגֶען, אוּנְד אִיהְר זֶעלְבְּסְט טְהוּט דִיא לַאסְטֶען נִיט אָנְרִירֶען מִיט אֵיינֶעם פוּן אֵיירֶע פִינְגֶער:

47 וֵוייא צוּ אֵייךְ! וָוארִין אִיהְר בּוֹיעֶט אוֹיף דִיא קְבָרִים פוּן דִיא נְבִיאִים, אוּנְד אֵיירֶע אָבוֹת הָאבֶּען זַייא אוּמְגֶעבְּרַאכְט:

48 אַזוֹי בֶּעצֵייגְט אִיהְר אוּנְד בֶּעוִוילִיגְט דִיא מַעֲשִׂים פוּן אֵיירֶע אָבוֹת, וָוארִין זַייא הָאבֶּען זַייא אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אָבֶּער אִיהְר בּוֹיעֶט אוֹיף זַיירֶע קְבָרִים:

49 דְרוּם זָאגְט אויךְ דִיא חָכְמָה פוּן גָאט, אִיךְ וֶועל צוּ זַייא שִׁיקֶען נְבִיאִים אוּנְד שְׁלוּחִים, אוּנְד זַייא וֶועלֶען אֵיין טְהֵייל פוּן זַייא אוּמְבְּרֶענְגֶען אוּנְד פֶערְפָאלְגֶען:

50 כְּדֵי דָאס בְּלוּט פוּן אַלֶע נְבִיאִים, וָואס אִיז פֶערְגָאסֶען גֶעוָוארֶען פוּן אָנְפַאנְג פוּן דֶער וֶועלְט, זָאל פֶערְלַאנְגְט וֶוערֶען פוּן דִיזֶען גֶעשְׁלֶעכְט:

51 פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן הֶבֶל בִּיז צוּם בְּלוּט פוּן זְכַרְיָה, וָואס אִיז פֶערְגָאסֶען גֶעוָוארֶען צְוִוישֶׁען דֶעם מִזְבֵּחַ אוּנְד דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ. יוֹא, אִיךְ זָאג אֵייךְ, עֶס וֶועט פֶערְלַאנְגְט וֶוערֶען פוּן דִיזֶען גֶעשְׁלֶעכְט:

52 וֵויא צוּ אֵייךְ בַּעֲלֵי תּוֹרָה! וָוארִין אִיהְר הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען דֶעם שְׁלִיסֶעל פוּן וִויסֶענְשַׁאפְט. אִיהְר אַלֵיין קוּמְט נִיט אַרֵיין, אוּנְד אִיהְר פֶערְבִּיט דִיא וָואס וִוילֶען אַרֵיינְקוּמֶען:

53 וִויא עֶר הָאט דָאס צוּ זֵייא גֶערֶעט, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט אִיהְם זֶעהְר צוּ קְרִיגֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶערֵייצְט צוּ רֶעדֶען פוּן פִילֶע זַאכֶען:

54 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם גֶעלוֹיעֶרְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזוּכְט אַז זֵייא זָאלֶען עֶפֶּעס חַאפֶּען פוּן זֵיין מוֹיל, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אוֹיף אִיהְם אֵיין מְסִירָה אָנְגֶעבֶּען:

## קאפיטעל יב

1 אוּנְד וֶוען פִיל טוֹיזֶענְד פוּן דֶעם פָאלְק זֶענֶען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען, בִּיז זֵייא הָאבֶּען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן גֶעטְרֶעטֶען, אַזוֹי הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, צוּעֶרְשְׁט הִיט אֵייךְ פַאר דֶעם חָמֵץ פוּן דִיא פְּרוּשִׁים, וָואס אִיז הֵייכְלֶערֵייא:

2 וָוארִין קֵיין זַאךְ אִיז נִיט פֶערְהוֹילֶען, וָואס וֶועט נִיט עֶנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען. אוּנְד פֶערְבָּארְגֶען, וָואס וֶועט נִיט צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן וֶוערֶען:

3 דְרוּם וָואס אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט אִין דֶער פִינְסְטֶער, וֶועט גֶעהֶערְט וֶוערֶען בֵּיים לִיכְט. אוּנְד וָואס אִיהְר הָאט אִין דֶעם אוֹיעֶר אֵיינְגֶערוֹימְט אִין דִיא שְׁטוּבֶּען, וֶועט אוֹיסְגֶערוּפֶען וֶוערֶען אוֹיף דִיא דֶעכֶער:

4 אוּנְד אִיךְ זָאג צוּ אֵייךְ מֵיינֶע פְרֵיינְד, פָארְכְט אֵייךְ נִיט פַאר דִיא וָואס טְהוּן אוּמְבְּרֶענְגֶען דֶעם לֵייבּ, אוּנְד דֶערְנָאךְ קֶענֶען זֵייא נִיט מֶעהְר טְהוּן:

5 אָבֶּער אִיךְ וֶועל אֵייךְ וַוייזֶען וֶועמֶען אִיהְר זָאלְט פָארְכְטֶען. פָארְכְט אֵייךְ פַאר דֶעם וָואס וֶוען עֶר הָאט אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אַזוֹי הָאט עֶר מַאכְט אִין גֵיהִנָם אַרֵיינְצוּוַוארְפֶען; יוֹא, אִיךְ זָאג אֵייךְ, פָארְכְט אֵייךְ פַאר אִיהְם:

6 וֶוערֶען נִיט פִינְף פֵייגֶעל פֶערְקוֹיפְט פַאר צְוֵוייא פֶענִיג, אוּנְד נִיט אֵיינֶער פוּן זֵייא אִיז פוּן גָאט פֶערְגֶעסֶען:

7 אוּנְד אַפִילוּ דִיא הָאר פוּן אֵייעֶר קָאפּ זֶענֶען אַלֶע גֶעצֵיילְט. דְרוּם פָארְכְט אֵייךְ נִיט. אִיהְר זֶענְט מֶעהְר וֶוערְט וִויא פִילֶע פֵייגֶעל:

8 אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ, אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט מִיךְ בֶּעקֶענֶען פַאר מֶענְשֶׁען, דֶעם וֶועט אוֹיךְ דֶער בֶּן־אָדָם בֶּעקֶענֶען פַאר דִיא מַלְאָכִים פוּן גָאט:

9 אָבֶּער וֶוער עֶס וֶועט מִיךְ פֶערְלֵייקֶענֶען פַאר מֶענְשֶׁען, דֶער וֶועט פֶערְלֵייקֶענְט וֶוערֶען פַאר דִיא מַלְאָכִים פוּן גָאט:

10 אוּנְד וֶוער עֶס וִועט רֶעדֶען אֵיין וָוארְט קֶעגֶען דֶעם בֶּן־אָדָם, וֶועט עֶס אִיהְם פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען. אָבֶּער צוּ דֶעם וָואס לֶעסְטֶערְט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וֶועט עֶס נִיט פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען:

11 אוּנְד וֶוען זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ

בְּרֶענְגֶען אִין דִיא שׁוּלֶען אַרַיין, פַאר
דִיא עֶלְצטֶע אוּנְד גֶעוָועלְטִיגֶער, זָארְגט
נִיט וִויא אַזוֹי אָדֶער וָואס אִיהְר זָאלְט
עֶנְטפֶערְן, אָדֶער וָואס אִיהְר זָאלְט
זָאגֶען :
12 וָוארִין דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וֶועט אֵייךְ
לֶערְנֶען אִין דִיזֶער שָׁעָה וָואס אִיהְר
בֶּעדַארְפְט צוּ זָאגֶען :
13 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דֶעם פָאלְק הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, זָאג צוּ מֵיין
בְּרוּדֶער אַז עֶר זָאל דִיא יְרוּשָׁה מִיט
מִיר צוּטְהֵיילֶען :
14 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
מֶענְשׁ, וֶוער הָאט מִיךְ גֶעזֶעצְט פַאר
אֵיין שׁוֹפֵט אָדֶער אֵיין צוּטֵיילֶער צְוִוישֶׁען
אֵייךְ ?
15 אוּנְד הִיט אֵייךְ פַאר גֵייצִיגְקֵייט,
וָוארִין דָאס לֶעבֶּען פוּן דֶעם מֶענְשׁ
בֶּעשְׁטֵייט נִיט אִין זֵיין פִיל פֶערְמֶעגֶען :
16 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט
אֵיין מָשָׁל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דָאס
לַאנְד פוּן אֵיין רֵייכֶען מַאן הָאט פִיל
פְרוּכְט גֶעטְרָאגֶען :
17 אוּנְד עֶר הָאט בֵּייא זִיךְ גֶעטְרַאכְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן ?
וָוארִין אִיךְ וֵוייס נִיט וְואוּ מֵיינֶע פְּרוּכְט
אֵיינְצוּזַאמְלֶען :
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל
אַזוֹי טְהוּן. אִיךְ וֶועל מֵיינֶע שֵׁייעֶרְן אָפּ־
בְּרֶעכֶען, אוּנְד וִויל גְרֶעסֶערֶע בּוֹיעֶן.
אוּנְד אִיךְ וֶועל דָארְטֶען אֵיינְזַאמְלֶען
אַלֶע מֵיינֶע תְּבוּאוֹת אוּנְד מֵיין פֶערְ־
מֶעגֶען :
19 אוּנְד אִיךְ וֶועל זָאגֶען צוּ מֵיינֶע
זֵייל, זֵייל דוּא הָאסְט לִיגֶען פִיל גוּטֶעס
אוֹיף פִילֶע יָאהְרֶען, הָאבּ רוּהֶ, עֶס אוּנְד
טְרִינְק אוּנְד זֵייא פְרֵיילִיךְ :

20 אָבֶּער גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דוּא נַאר, דִיזֶע נַאכְט וֶועט מֶען דֵיינֶע
נְשָׁמָה פוּן דִיר פֶערְלַאנְגֶען. אוּנְד
וֶועמֶעס וֶועט דָאס זֵיין וָואס דוּא הָאסְט
אָנְגֶעגְרֵייט :
21 אַזוֹי אִיז דֶער וָואס זַאמֶעלְט זִיךְ
אֵיין אוֹצָר, אוּנְד אִיז נִיט רֵייךְ צוּ גָאט :
22 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים
גֶעזָאגְט, דְרוּם זָאג אִיךְ אֵייךְ, זָארְגט
נִיט פַאר אֵייעֶר לֶעבֶּען, וָואס אִיהְר
זָאלְט עֶסֶען. אוּנְד נִיט פַאר דֶעם לֵייבּ,
וָואס אִיהְר זָאלְט אָנְטְהוּן :
23 דָאס לֶעבֶּען אִיז מֶעהְר וִויא דִיא
שְׁפֵּייז, אוּנְד דֶער לֵייבּ וִויא דָאס קְלֵייד :
24 בֶּעטְרַאכְט דִיא רָאבֶּען. וָוארִין זֵייא
זֵייעֶן נִיט, אוּנְד שְׁנֵיידֶען נִיט, אוּנְד
הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע קֶעלֶערְם אוּנְד קֵיינֶע
שֵׁייעֶר, אוּנְד גָאט שְׁפֵּייזְט זֵייא. וִויא
פִיל מֶעהְר זֶענְט אִיהְר וֶוערְט וִויא דִיא
פֵייגֶעל :
25 אוּנְד וֶועלְכֶער פוּן אֵייךְ קֶען דוּרְךְ
זָארְג אֵיינֶע אֵייל צוּזֶעצֶען צוּ זֵיינֶע הֵייךְ ?
26 דְרוּם וֶוען אִיהְר קֶענְט נִיט טְהוּן
דָאס וֵוייניגְסטֶע, וָוארוּם זָארְגט אִיהְר
פָאר דֶעם אִיבְּרִיגֶען ?
27 קוּקְט אָן דִיא רוֹיזֶען וִויא זֵייא
וַואקְסֶען. זֵייא אַרְבֵּייטֶען נִיט, אוּנְד
שְׁפִּינֶען נִיט. אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ אַז
שְׁלֹמֹה אִין זֵיינֶע גַאנְצֶער שֵׁיינְהֵייט, וַואר
נִיט גֶעקְלֵיידֶעט וִויא אֵיינְס פוּן דִיזֶע :
28 אוּנְד וֶוען גָאט בֶּעדֶעקְט אַזוֹי דָאס
גְרָאז, וָואס אִיז הֵיינְט אוֹיף דֶעם פֶעלְד,
אוּנְד מָארְגֶען וֶוערְט עֶס אִין אוֹיפֶען
אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען, וִויא פִיל מֶעהְר וֶועט
עֶר אֵייךְ קְלֵיידֶען, אִיהְר קְלֵיינְגְלוֹיבִּיגֶע :
29 אוּנְד זוּכְט אִיהְר נִיט וָואס אִיהְר
זָאלְט עֶסֶען, אָדֶער וָואס אִיהְר זָאלְט

טְרִינְקֶען, אוּנְד הָאט נִיט קֵיין אוּנ־
רוּהִיג גֶעמִיט:
30 וָוארִין דָאס אַלֶעס זוּכֶען דִיא
פֶעלְקֶער פוּן דֶער וֶועלְט, וָוארִין אֵייעֶר
פָאטֶער ווייסְט אַז אִיהְר הָאט דָאס
נֵייטִיג:
31 אָבֶּער זוּכְט אִיהְר דָאס קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן גָאט, אוּנְד דָאס אַלֶעס וֶועט אֵייךְ
צוּגֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען:
32 פָארְכְט אֵייךְ נִיט, אִיהְר קְלֵיינֶע
סְטַאדֶע, וָוארִין עֶס אִיז אֵייעֶר פָאטֶערְס
ווָאוילְגֶעפַאלֶען אַז עֶר זָאל אֵייךְ גֶעבֶּען
דָאס קֶענִיגְרֵייךְ:
33 פֶערְקוֹיפְט וָואס אִיהְר הָאט, אוּנְד
גִיבְּט צְדָקָה. מַאכְט אֵייךְ בֵּייטֶעלְן וָואס
וֶוערֶען נִיט אַלְט, אֵיין שַׁאץ אִין דֶעם
הִימֶעל וָואס וֶוערְט נִיט גֶעמִינֶערְט,
ווְאוּ קֵיין גַנָב קוּמְט נִיט נָאהֶנְט, אוּנְד
ווְאוּ דִיא מִילְבּ פֶערְדַארְבְּט נִיט:
34 וָוארִין ווְאוּ אֵייעֶר אוֹצָר אִיז, דָארְ־
טֶען וֶועט אֵייעֶר הַארְץ אוֹיךְ זַיין:
35 לָאזֶען אֵייעֶרֶע לֶענְדֶען זַיין גֶעגַארְ־
טֶעלְט, אוּנְד אֵייעֶרֶע לִיכְט בְּרֶענֶען:
36 אוּנְד זַייט אִיהְר גְלֵייךְ צוּ דִיא
לֵייט וָואס וַוארְטֶען אוֹיף זֵייעֶר הַאר,
וֶוען עֶר וֶועט צוּרִיקְקוּמֶען פוּן דֶער
חַתוּנָה; כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אִיהְם בַּאלְד
עֶפְנֶען, וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען אוּנְד וֶועט
אָנְקְלַאפֶּען:
37 ווָאוֹיל צוּ דִיזֶע קְנֶעכְט, ווָאס וֶוען
דֶער הַאר וֶועט קוּמֶען, אַנוּד וֶועט זֵייא
גֶעפִינֶען וַואכֶען. בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,
אַז עֶר וֶועט זִיךְ אַרוּמְגַארְטֶעלְן, אוּנְד
וֶועט זֵייא לָאזֶען אַנִידֶערְזֶעצֶען, אוּנְד
וֶועט קוּמֶען אוּנְד וֶועט זֵייא בֶּעדִינֶען:
38 אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען אִין דֶעם
אַנְדֶערֶען מִשְׁמָר פוּן דֶער נַאכְט, אָדֶער
אִין דֶעם דְרִיטֶען מִשְׁמָר, אוּנְד וֶועט
זֵייא אַזוֹי גֶעפִינֶען, ווָאוֹיל אִיז צוּ דִיזֶע
קְנֶעכְט:
39 אוּנְד דָאס זָאלְט אִיהְר ווִיסֶען, דָאס
וֶוען דֶער בַּעַל הַבַּיִת זָאל ווִיסֶען אִין
וֶועלְכֶער שָׁעָה דֶער גַנָב וֶועט קוּמֶען,
אַזוֹי הֶעט עֶר גֶעוַואכְט, אוּנְד הֶעט נִיט
גֶעלָאזְט זַיין הוֹיז אֵיינְבְּרֶעכֶען:
40 דְרוּם זַייט אִיהְר אוֹיךְ בֶּערֵייט.
וָוארִין דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט קוּמֶען אִין
אַ שָׁעָה וֶוען אִיהְר וֶועט אֵייךְ נִיט
רִיכְטֶען:
41 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, הַאר, זָאגְסְט דוּא דָאס מָשָׁל
צוּ אוּנְס, אָדֶער אוֹיךְ צוּ אַלֶע?
42 אָבֶּער דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט,
וֶוער אִיז דֶען אֵיין גֶעטְרֵייעֶר אוּנְד
קְלוּגֶער הוֹיזְהַאלְטֶער, וָואס זַיין הַאר
וֶועט אִיהְם זֶעצֶען אִיבֶּער זַיין הוֹיזְגֶע־
זִינְד, אַז עֶר זָאל זֵייא גֶעבֶּען זֵייעֶרֶע
שְׁפֵּייז צוּ דֶער צַייט:
43 ווָאוֹיל אִיז דֶעם קְנֶעכְט, וָואס וֶוען
זַיין הַאר וֶועט קוּמֶען, אוּנְד וֶועט אִיהְם
גֶעפִינֶען אַזוֹי טְהוּן:
44 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז עֶר וֶועט
אִיהְם זֶעצֶען אִיבֶּער אַלֶע זַיינֶע גִיטֶער:
45 אָבֶּער וֶוען דִיזֶער קְנֶעכְט וֶועט זִיךְ
טְרַאכְטֶען אִין זַיין הַארְץ, מֵיין הַאר
זוֹימְט זִיךְ צוּ קוּמֶען. אוּנְד וֶועט אָנְ־
הֵייבֶּען צוּ שְׁלָאגֶען דִיא יוּנְגֶען אוּנְד
דִיא דִינְסְטמֵיידֶען, אוּנְד צוּ עֶסֶען אוּנְד
טְרִינְקֶען אוּנְד שִׁיכּוֹרְן:
46 אַזוֹי וֶועט דֶער הַאר פוּן דִיזֶען
קְנֶעכְט קוּמֶען אִין אֵיין טָאג וֶוען עֶר
וֶועט זִיךְ נִיט רִיכְטֶען אוֹיף אִיהְם,
אוּנְד אִין אַ שָׁעָה וֶוען עֶר וֶועט נִיט
ווִיסֶען, אוּנְד וֶועט אִיהְם אִין שְׁטִיקֶער

צֶערְשְׁנֵיידֶען, אוּנְד װֶעט אִיהְם גֶעבֶּען
זַיין חֵלֶק מִיט דִיא אוּמְגְלוֹיבִּיגֶע׃
47 אוּנְד דֶער קְנֶעכְט װָאס װֵייסְט זַיין
הַאר׳ס װִילֶען, אוּנְד אִיז נִיט בֶּערֵייט,
אוּנְד טְהוּט נִיט נָאךְ זַיין װִילֶען, דֶער
װֶעט פִיל שְׁלֶעג בֶּעקוּמֶען׃
48 אָבֶּער דֶער װָאס װֵייסְט נִיט, אוּנְד
טְהוּט דָאס װָאס אִיז װֶערְט שְׁלֶעג, דֶער
װֶעט װֵייניג שְׁלֶעג בֶּעקוּמֶען, װָארִין צוּ
דֶעם װָאס װֶערְט פִיל גֶעגֶעבֶּען, פוּן
דֶעם װֶעט מֶען פִיל פֶערְלַאנְגֶען. אוּנְד
בֵּייא דֶעם װָאס מֶען טְהוּט פִיל אֵיינְ־
לֵייגֶען, פוּן דֶעם װֶעט מֶען פִיל פֶערְ־
לַאנְגֶען׃
49 אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אֵיין פֵייעֶר צוּ
שִׁיקֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד װָאס װִיל
אִיךְ, װֶען עֶס אִיז שׁוֹין אָנְגֶעצוּנְדֶען?
50 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵיינֶע טוֹיפֶע דֶערְ־
מִיט גֶעטוֹיפְט צוּ װֶערֶען, אוּנְד װִיא
עֶס אִיז מִיר שְׁװֶער בִּיז עֶס װֶעט זִיךְ
אוֹיסְלָאזֶען׃
51 מֵיינְט אִיהְר אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען
צוּ גֶעבֶּען שָׁלוֹם אוֹיף דֶער עֶרְד? אִיךְ
זָאג אֵייךְ, נֵיין, נֵייעֶרְט אֵיין מַחְלוֹקֶה׃
52 װָארִין פוּן אַצוּנְד אָן װֶעלֶען פִינְף
צֶערְטְהֵיילְט זַיין אִין אֵיין הױז, דְרֵייא
קֶעגֶען צְװֵייא, אוּנְד צְװֵייא קֶעגֶען
דְרֵייא׃
53 דֶער פָאטֶער װֶעט זַיין קֶעגֶען דֶעם
זוּהְן, אוּנְד דֶער זוּהְן קֶעגֶען דֶעם
פָאטֶער. דִיא מוּטֶער קֶעגֶען דֶער
טָאכְטֶער, אוּנְד דִיא טָאכְטֶער קֶעגֶען
דֶער מוּטֶער. דִיא שְׁװִיגֶער קֶעגֶען דֶער
שְׁנִיר, אוּנְד דִיא שְׁנִיר קֶעגֶען דֶער
שְׁװִיגֶער׃
54 אוּנְד עֶר הָאט צוּם פָאלְק גֶעזָאגְט,
װֶען אִיהְר זֶעהְט דֶעם װָאלְקֶען אוֹיפְגֵיין
פוּן מַעֲרָב זַייט, אַזוֹי זָאגְט אִיהְר בַּאלְד,
דָא קוּמְט אֵיין רֶעגֶען, אוּנְד עֶס אִיז
טַאקִי אַזוֹי׃
55 אוּנְד װֶען דֶער דָרוֹם װִינְד בְּלָאזְט,
אַזוֹי זָאגְט אִיהְר, עֶס װֶעט זַיין הִיץ,
אוּנְד עֶס אִיז טַאקִי אַזוֹי׃
56 אִיהְר הֵייכְלֶערְס, אִיהְר קֶענְט אֵייךְ
פֶערְשְׁטֵיין אוֹיף דֶער גֶעשְׁטַאלְט פוּן
דֶעם הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד, אוּנְד װִיא
אַזוֹי פֶערְשְׁטֵייט אִיהְר אֵייךְ נִיט אוֹיף
דִיזֶע צֵייט?
57 אוּנְד װָארוּם טְהוּט אִיהְר נִיט פוּן
אֵייךְ זֶעלְבְּסְט רִיכְטֶען װָאס רֶעכְט אִיז?
58 װֶען דוּא גֵייסְט מִיט דֵיין קְרִיגֶער
צוּם מַאגִיסְטְרַאט, אַזוֹי גִיבּ דִיר מִיה
אוֹיף דֶעם װֶעג, אַז דוּא זָאלְסְט פוּן
אִיהְם לוֹיז װֶערֶען. װָארִין טָאמֶער װֶעט
עֶר דִיךְ שְׁלֶעפֶּען צוּם רִיכְטֶער, אוּנְד
דֶער רִיכְטֶער װֶעט דִיךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען
צוּם פָּאלִיצֵיימַאן, אוּנְד דֶער פָּאלִיצֵיי־
מַאן װֶעט דִיךְ אִין דֶער תְּפִיסָה אַרֵיינְ־
װַארְפֶען׃
59 אִיךְ זָאג דִיר, דוּא װֶעסְט פוּן
דָארְט נִיט אַרוֹיסְקוּמֶען, בִּיז דוּא װֶעסְט
דִיא לֶעצְטֶע פְּרוּטָה בֶּעצָאלֶען׃

## קאפיטעל יג

1 אוּנְד צוּ דִיזֶער צֵייט װַארֶען עֶטְלִיכֶע
מִיט אִיהְם, װָאס הָאבֶּען אִיהְם דֶערְ־
צֵיילְט פוּן דִיא גְלִילִים, װָאס פִּילָטוּס
הָאט זֵייעֶר בְּלוּט גֶעמִישְׁט מִיט זֵיירֶע
קָרְבָּנוֹת׃
2 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶענְקְט אִיהְר אַז
דִיזֶע גְלִילִים זֶענֶען גֶעװֶעזֶען גְרֶעסֶערֶע
זִינְדֶער װִיא אַלֶע אַנְדֶערֶע גְלִילִים, װֵייל
זֵייא הָאבֶּען זָאלְכֶעס גֶעלִיטֶען?
3 אִיךְ זָאג אֵייךְ, נֵיין, נֵייעֶרְט װֶען

איהר

אִיהְר װֶעט נִיט תְּשׁוּבָה טְהוּן אַזוֹי װֶעט אִיהְר אַלֶע אוֹיךְ אַזוֹי אוּמְקוּמֶען ׃

4 אָדֶער דִיא אַכְטְצֶעהְן אוֹיף װֶעלְכֶע דֶער טְהוּרְם אִיז גֶעפַאלֶען אִין שִׁילֹחַ, אוּנְד הָאט זַייא אוּמְגֶעבְּרַאכְט, דֶענְקְט אִיהְר אַז זַייא װַארֶען מֶעהְר שׁוּלְדִיג װִיא אַלֶע אַנְדֶערֶע לַייט װָאס הָאבֶען גֶעװָאוינְט אִין יְרוּשָׁלַיִם ?

5 אִיךְ זָאג אֵייךְ, נַיין, גַייעֶרְט װֶען אִיהְר װֶעט נִיט תְּשׁוּבָה טְהוּן, אַזוֹי װֶעט אִיהְר אַלֶע אוֹיךְ אַזוֹי אוּמְקוּמֶען ׃

6 אוּנְד עֶר הָאט דָאס מָשָׁל גֶעזָאגְט, אֵיין מַאן הָאט גֶעפְלַאנְצְט אֵיין פֵייגֶענְבּוֹים אִין זַיין װַיינְגָארְטֶען. אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט דְרוֹיף גֶעזוּכְט פְּרוּכְט, אוּנְד הָאט קֵיינֶע נִיט גֶעפוּנֶען ׃

7 אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זַיין װַיינְגֶערְטְנֶער גֶעזָאגט, זֶעה, אִיךְ בִּין שׁוֹין דְרֵייא יָאהְר גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבּ גֶעזוּכְט פְּרוּכְט אוֹיף דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים, אוּנְד הָאבּ נִיט גֶעפוּנֶען. הַאק אִיהְם אָפּ, װָארוּם מַאכְט עֶר דִיא עֶרְד אוּנְנוּצִיג ?

8 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, לָאז אִיהְם נָאךְ שְׁטֵיין דָאס יָאהְר, בִּיז אִיךְ װֶעל אִיהְם אַרוּמְגְרָאבֶּען, אוּנְד װֶעל אִיהְם מִיסְטִיגֶען ׃

9 טָאמֶער װֶעט עֶר יוֹיא פְּרוּכְט בְּרֶענְגֶען. אוּנְד װֶען נִיט, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אִיהְם דֶערְנָאךְ אָפְּהַאקֶען ׃

10 אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֶערְנְט אִין אֵיינֶע פוּן דִיא שׁוּלֶען אַם שַׁבָּת ׃

11 אוּנְד דָא װַאר אֵיינֶע פְרוֹיא װָאס הָאט גֶעהַאט אֵיין קְרַאנְקֶעס גֶעמִיט שׁוֹין אַכְטְצֶעהְן יָאהְר; אוּנְד זִיא װַאר אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גָאר נִיט גֶעקֶענְט אוֹיפְהֵייבֶּען ׃

12 װֶען יֵשׁוּעַ הָאט זִיא גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר זִיא גֶערוּפֶען, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, פְרוֹיא דוּא בִּיסְט לוֹיז פוּן דַיינֶע קְרַאנְקְהֵייט ׃

13 אוּנְד עֶר הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף אִיהְר גֶעלֵייגְט, אוּנְד זִיא װַאר בַּאלְד אוֹיפְגֶערִיכְטֶעט, אוּנְד הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט ׃

14 אָבֶּער דֶער עֶלְצְטֶער פוּן דֶער שׁוּל הָאט זִיךְ גֶעבֵּייזֶערְט, װֵייל יֵשׁוּעַ הָאט גֶעהֵיילְט אַם שַׁבָּת, אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּם פָאלְק גֶעזָאגְט, דָא זֶענֶען זֶעקְס טֶעג, אִין װֶעלְכֶע מֶען דַארְף אַרְבֵּייטֶען. דְרוּם קוּמְט אִין דִיזֶע טֶעג אוּנְד װֶערְט גֶעהֵיילְט אָבֶּער נִיט אַם שַׁבָּת ׃

15 אַזוֹי הָאט אִיהְם דֶער הַאר גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דוּא הֵייכְלֶער, טְהוּט נִיט אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ אַם שַׁבָּת זַיין אָקְס אָדֶער זַיין אֵייזֶעל פוּן דֶעם שְׁטַאל אָפְּבִּינְדֶען, אוּנְד פִיהְרְט אִיהְם אָנְטְרִינְקֶען ?

16 אוּנְד דִיזֶע פְרוֹיא װָאס אִיז אֵיינֶע טָאכְטֶער פוּן אַבְרָהָם, װָאס דֶער שָׂטָן הָאט זִיא שׁוֹין אַכְטְצֶעהְן יָאהְר גֶעבּוּנְדֶען, דַארְף זִיא נִיט אַם שַׁבָּת פוּן דִיזֶען בַּאנְד לוֹיז גֶעמַאכְט װֶערֶען ?

17 אוּנְד װֶען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אַזוֹי זֶענֶען אַלֶע זַיינֶע שׂוֹנְאִים פֶערְשֶׁעמְט גֶעװָארֶען. אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייעֶט אִיבֶּער אַלֶע װאוּנְדֶערְלִיכֶע זַאכֶען װָאס װַארֶען דוּרְךְ אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען ׃

18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, צוּ װָאס אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט גְלֵייךְ, אוּנְד צוּ װָאס זָאל אִיךְ עֶס גְלֵייכֶען ?

19 עֶס אִיז גְלֵייךְ צוּ אֵיין זָאמֶען פוּן

זֶענְפְּט, וָואס אֵיין מַאן הָאט גֶענוּמֶען
אוּנְד אִין זֵיין גָארְטֶען אַרֵיינְגֶעוָוארְ־
פֶען. אוּנְד עֶס הָאט אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען,
אוּנְד אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין גְרוֹיסֶער
בוֹים, אוּנְד דִיא פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל
הָאבֶען גֶעוְואוֹינְט צְוִוישֶׁען זֵיינֶע צְוֵויגֶען:
20 אוּנְד עֶר הָאט וִוידֶער גֶעזָאגְט, צוּ
וָואס זָאל אִיךְ גְלֵייכֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן גָאט?
21 עֶס אִיז גְלֵייךְ צוּ זוֹיעֶר טֵייג, וָואס
אֵיינֶע פְרוֹיא הָאט עֶס גֶענוּמֶען אוּנְד
הָאט עֶס פֶערְהוֹילֶען אִין דְרֵייא מֶעסְטְ־
לֶעךְ מֶעהְל, בִּיז דָאס גַאנְצֶע אִיז זוֹיעֶר
גֶעוָוארֶען:
22 אוּנְד עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין
דִיא שְׁטֶעט אוּנְד דֶערְפֶער, אוּנְד הָאט
גֶעלֶעהְרְט, אוּנְד הָאט זֵיין וֶועג גֶענוּמֶען
נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם:
23 אוּנְד אֵיינֶער הָאט צוּ אִיהְם גֶער
זָאגְט, הַאר, וֶועלֶען וֵוייניג גֶעהָאלְפֶען
וֶוערֶען? אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט:
24 בֶּעמִיהְט אֵייךְ אִיהְר זָאלְט דוּרְךְ
דֶעם עֶנְגֶען טוֹיר אַרֵיינְקוּמֶען. וָוארִין
אִיךְ זָאג אֵייךְ, פִילֶע וֶועלֶען זוּכֶען
אַרֵיינְצוּקוּמֶען, אוּנְד וֶועלֶען נִיט קֶענֶען:
25 וֶוען דֶער בַּעַל הַבַּיִת וֶועט אוֹיפְ־
שְׁטֵיין, אוּנְד וֶועט דִיא טִיר צוּשְׁלִיסֶען,
אוּנְד אִיהְר וֶועט אָנְהֵייבֶען פוּן דְרוֹיסֶען
צוּ שְׁטֵיין, אוּנְד אָן דֶער טִיר צוּ
קְלַאפֶען, אוּנְד צוּ זָאגֶען, הַאר, הַאר!
עֶפֶען אוּנְס, אַזוֹי וֶועט עֶר עֶנְטְפֶערְן
אוּנְד וֶועט צוּ אֵייךְ זָאגֶען, אִיךְ קֶען
אֵייךְ נִיט פוּן וַואנֶען אִיהְר זֵייט:
26 דֶערְנָאךְ וֶועט אִיהְר אָנְהֵייבֶען צוּ
זָאגֶען, מִיר הָאבֶען גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶער־
טְרוּנְקֶען צוּ פַאר דִיר, אוּנְד דוּא הָאסְט
גֶעלֶעהְרְט אִין אוּנְזֶערֶע גַאסֶען:

27 אַזוֹי וֶועט עֶר זָאגֶען, אִיךְ זָאג אֵייךְ
אִיךְ קֶען אֵייךְ נִיט, פוּן וַואנֶען אִיהְר
זֶענְט: קֶערְט אָפּ פוּן מִיר אַלֶע, אִיהְר
אִיבֶּעלְטְהֶעטֶער:
28 דָארְטֶען וֶועט זֵיין גֶעוֵויין אוּנְד
צֵיינְקְלַאפֶּערֵייא, וֶוען אִיהְר וֶועט זֶעהֶען
אַבְרָהָם אוּנְד יִצְחָק אוּנְד יַעֲקֹב, אוּנְד
אַלֶע נְבִיאִים, אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט, אוּנְד אֵייךְ זֶעלְבְּסְט אַרוֹיסְגֶע־
וָוארְפֶען:
29 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען קוּמֶען פוּן מִזְרָח
אוּנְד מַעֲרָב, אוּנְד פוּן צָפוֹן אוּנְד דָרוֹם,
אוּנְד וֶועלֶען זִיךְ אַנִידֶערְזֶעצֶען אִים
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט:
30 אוּנְד זֶעה, דָא זֶענֶען דִיא לֶעצְטֶע
וָואס וֶועלֶען זֵיין דִיא עֶרְשְׁטֶע. אוּנְד
דָא זֶענֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע וָואס וֶועלֶען זֵיין
דִיא לֶעצְטֶע:
31 אִין דִיזֶען טָאג זֶענֶען עֶטְלִיכֶע פוּן
דִיא פְּרוּשִׁים צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד
הָאבֶען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא אַרוֹיס
אוּנְד קוּם אַוֶועק פוּן הִיר, וָוארִין הוֹרְדוֹס
ווִיל דִיךְ אוּמְבְּרֶענְגֶען:
32 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
גֵייט אוּנְד זָאגְט דִיזֶען פוּקְס, זֶעה, אִיךְ
טְרֵייבּ אַרוֹיס שֵׁדִים, אוּנְד אִיךְ טְהוּא
הֵיילֶען הֵיינְט אוּנְד מָארְגֶען, אוּנְד אִין
דֶעם דְרִיטֶען טָאג וֶועל אִיךְ פָאלְקָא־
מֶען וֶוערֶען:
33 אָבֶּער אִיךְ מוּס גֵיין הֵיינְט, מָארְ־
גֶען אוּנְד אִיבֶּערְמָארְגֶען. וָוארִין עֶס
קֶען נִיט זֵיין אַז אֵיין נָבִיא זָאל אוּמְ־
קוּמֶען אוֹיסֶער יְרוּשָׁלַיִם:
34 אוֹי יְרוּשָׁלַיִם, יְרוּשָׁלַיִם, וָואס דוּא
טְהוּסְט אוּמְבְּרֶענְגֶען דִיא נְבִיאִים, אוּנְד
שְׁטֵיינִיגְסְט דִיא וָואס זֶענֶען צוּא דִיר
גֶעשִׁיקְט; וִויא פִיל מָאל הָאבּ אִיךְ

גֶעוָואלְט דֵיינֶע קִינְדֶער אֵיינְזַאמְלֶען, אַזוֹי וְויא אֵיין הֵין זַאמֶעלְט אֵיין אִיהְרֶע יוּנְגֶע הִינְלֶעךְ אוּנְטֶער אִיהְרֶע פְלִיגֶעל אוּנְד, אִיהְר הָאט נִיט גֶעוָואלְט׃

35 זֶעהְט, אֵייעֶר הויז וָוערְט אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט וִויסְט. אוּנְד בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אִיהְר וֶועט מִיךְ נִיט זֶעהֶען, בִּיז דִיא צֵייט וֶועט קוּמֶען, וֶוען אִיהְר וֶועט זָאגֶען, גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער וָואס קוּמְט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר גָאט׃

## קאפיטעל יד

1 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין הויז אַרַיין פוּן אֵיין עֶלְצְטֶען פוּן דִיא פְּרוּשִׁים, אַז עֶר זָאל בְּרוֹיט עֶסֶען אַם שַׁבָּת, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם אָפְּגֶעהִיט׃

2 אוּנְד זֶע, דָא וַואר אֵיין מַאן פַאר אִיהְם, וָואס הָאט גֶעהַאט דִיא וַואסֶערְזוּכְט׃

3 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא בַּעֲלֵי תּוֹרָה אוּנְד פְּרוּשִׁים, אוּנְד הָאט גֶעזָאגט, אִיז עֶס דֶערְלוֹיבְּט צוּ הֵיילֶען אַם שַׁבָּת אָדֶער נִיט?

4 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁווִיגֶען. אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעהֵיילְט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעלָאזְט גֵיין׃

5 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז דָא אוּנְטֶער אֵייךְ, וָואס וֶוען זַיין אֵייזֶעל אָדֶער זַיין אָקְס וֶועט אַרַיינְפַאלֶען אִין אֵיין בְּרוּנֶען, אוּנְד עֶר וֶועט עֶס נִיט בַּאלְד אַרוֹיסְצִיהֶען אַם שַׁבָּת?

6 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט גֶעקָאנְט עֶנְטְפֶערְן אוֹיף דִיזֶען׃

7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אֵיין מָשָׁל צוּ דִיא וָואס וַוארֶען גֶעבֶּעטֶען, וְויא עֶר הָאט גֶעמֶערְקְט אַז זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען דִיא בֶּעסְטֶע עֶרְטֶער, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט׃

8 וֶוען דוּא וֶועסְט בֵּייא אֵיינֶעם גֶעבֶּעטֶען אוֹיף אֵיינֶע חֲתוּנָה, אַזוֹי זֶעץ דִיךְ נִיט אוֹיבֶּען אָן. וָוארִין טָאמֶער וֶועט אֵיין גְרֶעסֶערֶער גַאסְט בֵּייא אִיהְם גֶעבֶּעטֶען וֶוערֶען׃

9 אוּנְד דֶער וָואס הָאט דִיךְ אוּנְד אִיהְם גֶעבֶּעטֶען וֶועט קוּמֶען, אוּנְד וֶועט צוּ דִיר זָאגֶען, מַאךְ פְּלַאץ פַאר דִיזֶען; אוּנְד דוּא וֶועסְט אָנְהֵייבֶּען מִיט בּוּשָׁה דֶען אוּנְטֶערְשְׁטֶען אָרְט צוּ גֶעמֶען׃

10 אָבֶּער וֶוען דוּא וֶוערְסְט גֶעבֶּעטֶען, אַזוֹי גֵייא אוּנְד זֶעץ דִיךְ אוֹיף דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען אָרְט; דָאס וֶוען דֶער וָואס הָאט דִיךְ גֶעבֶּעטֶען וֶועט קוּמֶען, וֶועט עֶר צוּ דִיר זָאגֶען, פְרֵיינְד, גֵייא וֵוייטֶער אַרוֹיף, אַזוֹי וֶועסְט דוּא הָאבֶּען כָּבוֹד פַאר דִיא וָואס זִיצֶען מִיט דִיר צוּ טִישׁ׃

11 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט זִיךְ דֶערְנִידְרִיגֶען, דֶער וֶועט דֶערְהֵייכְט וֶוערֶען׃

12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם וָואס הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, וֶוען דוּא מַאכְסְט אֵיין מִיטָאגְסְמָאל, אָדֶער אֵיין אַבֶּענְדְמָאל, בֶּעט נִיט דֵיינֶע פְרֵיינְד אוּנְד דֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד דֵיינֶע קְרוֹבִים, אָדֶער דֵיינֶע רֵייכֶע שְׁכֵנִים; וָוארִין טָאמֶער וֶועלֶען זֵייא דִיךְ אוֹיךְ בֶּעטֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אֵיינֶע בֶּעלוֹינוּנְג׃

13 אָבֶּער וֶוען דוּא מַאכְסְט אֵיינֶע סְעוּדָה, אַזוֹי בֶּעט דִיא אָרֶעמֶע אוּנְד דִיא קְרִיפֶּעל, אוּנְד דִיא הִינְקֶערְדִיגֶע, אוּנְד דִיא בְּלִינְדֶע׃

14 אוּנְד דוּא װֶעסְט גֶעבֶּענְשְׁט זַיין;
װָארִין זַייא הָאבֶּען דִיר נִיט מִיט װָאס
צוּ בֶּעלוֹינֶען. אָבֶּער עֶס װֶעט דִיר
בֶּעצָאלְט װֶערֶען בֵּייא דֶעם אוֹיפְשְׁטַאנְד
פוּן דִיא צַדִיקִים:

15 װֶען אֵיינֶער פוּן דִיא װָאס זֶענֶען
מִיט אִיהְם צוּם טִישׁ גֶעזֶעסֶען הָאט
דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, װְאוֹיל דֶעם װָאס עֶסְט בְּרוֹיט
אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט:

16 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אֵיין מַאן הָאט גֶעמַאכְט אֵיין גְרוֹיס
אָבֶּענְדְמָאהְל, אוּנְד הָאט פִילֶע גֶע־
בֶּעטֶען:

17 אוּנְד צוּ דֶער שָׁעָה פוּן דֶער
מָאלְצֵייט הָאט עֶר זַיין קְנֶעכְט גֶע־
שִׁיקְט עֶר זָאל זָאגֶען צוּ דִיא װָאס
װַארֶען גֶעבֶּעטֶען, קוּמְט; װָארִין אַלֶעס
אִיז שׁוֹין פֶערְטִיג:

18 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען
אַלֶע מִיט אֵיין מָאל צוּ עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶען.
דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אִיךְ הָאבּ גֶעקוֹיפְט אֵיין פֶעלְד, אוּנְד
אִיךְ מוּס גֵיין אוּנְד עֶס זֶעהֶען. אִיךְ
בֶּעט דִיךְ עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶע מִיךְ:

19 אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער הָאט גֶעזָאגְט,
אִיךְ הָאבּ גֶעקוֹיפְט פִינְף יָאךְ אָקְסֶען,
אוּנְד אִיךְ גֵייא זַייא פְּרוּבֶען; אִיךְ בֶּעט
דִיךְ עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶע מִיךְ:

20 אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער הָאט גֶעזָאגְט
אִיךְ הָאבּ אֵיין װַייבּ גֶענוּמֶען, אוּנְד
דַארוּם קֶען אִיךְ נִיט קוּמֶען:

21 אוּנְד דִיזֶער קְנֶעכְט אִיז גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאט דָאס זַיין הַאר דֶערְצֵיילְט.
אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער בַּעַל הַבַּיִת גֶע־
בֵּייזֶערְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין
קְנֶעכְט, גֵייא גֶעשְׁװִינְד אַרוֹיס אִין דִיא
שְׁטְרַאסֶען אוּנְד דִיא גַאסֶען פוּן דֶער
שְׁטָאט, אוּנְד בְּרֶענְגְט אַהֶער דִיא
אָרֶעמֶע, אוּנְד דִיא קְרִיפֶּעל, אוּנְד הִינְ־
קֶערְדִיגֶע אוּנְד בְּלִינְדֶע:

22 אוּנְד דֶער קְנֶעכְט הָאט גֶעזָאגְט,
הַאר, עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַזוֹי וִויא דוּא
הָאסְט בֶּעפוֹילֶען, אוּנְד עֶס אִיז נָאךְ
דָא פְּלַאץ:

23 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּם
קְנֶעכְט, גֵייא אַרוֹיס צוּ דִיא לַאנְד־
שְׁטְרַאסֶען אוּנְד דִיא צוֹימֶען, אוּנְד נֵייט
זַייא אַרֵיינְצוּקוּמֶען, כְּדֵי מֵיין הוֹיז זָאל
זַיין פוּל:

24 װָארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז קֵיינֶער
פוּן דִיזֶע לֵייט װָאס װַארֶען גֶעבֶּעטֶען
װֶעלֶען נִיט פֶערְזוּכֶען פוּן מֵיינֶע מָאלְ־
צֵייט:

25 אוּנְד אֵיין גְרוֹיס פָאלְק אִיז מִיט
אִיהְם גֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
אוּמְגֶעקֶערְט. אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט:

26 װֶען אֵיינֶער קוּמְט צוּ מִיר, אוּנְד
הָאט נִיט פֵיינְד זַיין אֵייגֶענֶעם פָאטֶער,
אוּנְד מוּטֶער, אוּנְד װַייבּ, אוּנְד קִינְדֶער,
אוּנְד בְּרוּדֶער, אוּנְד שְׁװֶעסְטֶערְן, אוּנְד
אַפִילוּ זַיין אֵייגֶען לֶעבֶּען, דֶער קֶען
נִיט זַיין מֵיין תַּלְמִיד:

27 אוּנְד װֶער עֶס טְרָאגְט נִיט זַיין
קְרֵייץ, אוּנְד קוּמְט נָאךְ מִיר, דֶער קֶען
נִיט זַיין מֵיין תַּלְמִיד:

28 װָארִין װֶעלְכֶער פוּן אֵייךְ, װָאס
װֶעט װֶעלֶען אֵיין טְהוּרְם בּוֹיעֶן, װֶעט
זִיךְ נִיט צוּעֶרְשְׁט אַנִידֶערְזֶעצֶען אוּנְד
בֶּערֶעכְנֶען דִיא אוּמְקָאסְטֶען, אוֹיבּ עֶר
װֶעט עֶס הָאבֶּען אוֹיסְצוּפִיהְרֶען?

29 װָארִין טָאמֶער װֶען עֶר װֶעט לֵייגֶען
דֶעם גְרוּנְד, אוּנְד װֶעט עֶס נִיט קֶענֶען
עֶנְדִיגֶען, אַזוֹי װֶעלֶען אִיהְם אַלֶע װָאס

וָועהֶען עֶס אָנְהֵייבֶּען אויסְצוּשְׁפֶּעטֶען :
30 אוּנְד וָועלֶען זָאגֶען, דִיזֶער מַאן
הָאט אָנְגֶעהויבֶּען צוּ בּוֹיֶען, אוּנְד הָאט
נִיט גֶעקֶענְט עֶנְדִיגֶען :
31 אָדֶער וָועלְכֶער מֶלֶךְ וָואס גֵייט
אַרוֹיס מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט אֵיין
אַנְדֶערְן מֶלֶךְ, זֶעצְט זִיךְ נִיט פְרִיעֶר
אַנִידֶער, אוּנְד טְהוּט זִיךְ בֶּערָאטֶען,
אוֹיבּ עֶר קֶען מִיט צֶעהְן טוֹיזֶענְד עֶנְטְ-
קֶעגֶען גֵיין דֶעם וָואס קוּמְט קֶעגֶען אִיהְם
מִיט צְוַאנְצִיג טוֹיזֶענְד :
32 זוּנְסְט, וָוען דֶער אַנְדֶערֶער אִיז
נָאךְ וַוייט, אַזוֹי שִׁיקְט עֶר אֵיין שָׁלִיחַ
אוּנְד בֶּעט פַאר שָׁלוֹם :
33 אַזוֹי אוֹיךְ אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ
וָואס פֶערְלָאזְט נִיט אַלֶעס וָואס עֶר
הָאט, קֶען נִיט זֵיין מֵיין תַּלְמִיד :
34 זַאלְץ אִיז גוּט. אָבֶּער וָוען דָאס
זַאלְץ פֶערְלִירְט דֶעם טַעַם, מִיט וָואס
זָאל עֶס גֶעזַאלְצֶען וָוערֶען ?
35 עֶס קוּמְט נִיט מֶעהְר צוּ נִיץ, נִיט
פַאר דֶעם לַאנְד, אוּנְד נִיט פַאר דֶעם
מִיסְט. גֵייעֶרְט מֶען וַוארְפְט עֶס אַרוֹיס ;
דֶער וָואס הָאט אוֹיעֶרֶען צוּ הֶערֶען לָאז
עֶר הֶערֶען :

## קאפיטעל טו

1 אוּנְד אַלֶע מוֹכְסִים אוּנְד זִינְדֶער
הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם גֶענֶעהְנְט, אַז
זֵייא זָאלֶען אִיהְם הֶערֶען :
2 אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד סוֹפְרִים
הָאבֶּען גֶעמוּרְמֶעלְט אוּנְד הָאבֶּען גֶע-
זָאגְט, דִיזֶער נֶעמְט אוֹיף זִינְדֶער, אוּנְד
עֶסְט מִיט זֵייא :
3 אָבֶּער עֶר הָאט זֵייא דָאס מָשָׁל גֶע-
זָאגְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט :
4 וָועלְכֶער מֶענְשׁ צְוִוישֶׁען אֵייךְ וָואס
הָאט הוּנְדֶערְט שָׁאף, אוּנְד פֶערְלִירְט
אֵיינְס פוּן זֵייא, לָאזְט נִיט אִיבֶּער דִיא
נֵיין אוּנְד נֵיינְצִיג אִין דֶער וִויסְטֶענִיש,
אוּנְד גֵייט נָאךְ דֶעם פֶערְלוֹירֶענֶעם, בִּיז
עֶר גֶעפִינְט עֶס ?
5 אוּנְד וָוען עֶר הָאט עֶס גֶעפוּנֶען אַזוֹי
לֵייגְט עֶר עֶס אוֹיף זֵיינֶע אַקְסֶעל, אוּנְד
פְרֵייט זִיךְ :
6 אוּנְד וָוען עֶר קוּמְט אַהֵיים, רוּפְט
עֶר צוּזַאמֶען זֵיינֶע פְרֵיינְד אוּנְד שְׁכֵנִים,
אוּנְד זָאגְט צוּ זֵייא, פְרֵייעֶט אֵייךְ מִיט
מִיר, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען מֵיין
שָׁאף וָואס וַואר פֶערְלוֹירֶען :
7 אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז אַזוֹי וָועט אוֹיךְ
זֵיין אֵיינֶע שִׂמְחָה אִיבֶּער אֵיין זִינְדֶער
וָואס טְהוּט תְּשׁוּבָה, מֶעהְר וִויא אִיבֶּער
נֵיין אוּנְד נֵיינְצִיג צַדִיקִים, וָואס בֶּע-
דַארְפֶען נִיט קֵיין תְּשׁוּבָה :
8 אָדֶער וָועלְכֶע פְרוֹיא וָואס הָאט
צֶעהְן גְרָאשֶׁען, וָוען זִיא פֶערְלִירְט אֵיין
גְרָאשֶׁען, צִינְדֶעט זִיא נִיט אָן אֵיין לִיכְט,
אוּנְד קֶעהְרְט אוֹיס דָאס הוֹיז, אוּנְד
זוּכְט גוּט, בִּיז זִיא גֶעפִינְט עֶס ?
9 אוּנְד וָוען זִיא הָאט עֶס גֶעפוּנֶען,
רוּפְט זִיא צוּזַאמֶען אִיהְרֶע פְרֵיינְד אוּנְד
שְׁכֵנִים, אוּנְד זָאגְט, פְרֵייט אֵייךְ מִיט
מִיר, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען דֶעם
גְרָאשֶׁען וָואס אִיךְ הָאבּ פֶערְלוֹירֶען :
10 אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז אַזוֹי וָועט זֵיין
אֵיין שִׂמְחָה פַאר דִיא מַלְאָכִים פוּן גָאט
אִיבֶּער אֵיין זִינְדֶער וָואס טְהוּט תְּשׁוּבָה
11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אֵיין מַאן
הָאט גֶעהַאט צְוֵוייא זִיהְן :
12 אוּנְד דֶער יוּנְגֶערֶער פוּן זֵייא הָאט
גֶעזָאגְט צוּם פָאטֶער, פָאטֶער, גִיבּ מִיר
דָאס חֵלֶק פוּן דֶעם פֶערְמֶעגֶען וָואס
פַאלְט אוֹיף מִיר. אוּנְד עֶר הָאט זֵיין
פֶערְמֶעגֶען צְוִוישֶׁען זֵייא גֶעטְהֵיילְט :

13 אוּנְד נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג הָאט דֶער
יוּנְגֶער זוּהְן אַלֶעס צוּזַאמֶען גֶענוּמֶען,
אוּנְד אִיז אַוֶועקגֶעפָאהְרֶען אִין אַיין
ווייט לַאנְד אַרַיין, אוּנְד הָאט דָארְטֶען
זַיין פֶערְמֶעגֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט אִין אַיין
פֶערשְׁוֶוענְדְרִישׁ לֶעבֶּען:
14 וָוען עֶר הָאט אַלֶעס פֶערְצֶערְט,
אַזוֹי וַואר אַיין שְׁטַארְקֶער הוּנְגֶער אִין
דִיזֶען לַאנְד. אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
אִין דֶער נוֹיט צוּ זַיין:
15 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט
זִיךְ פֶערְדוּנְגֶען צוּ אַיין אַיינְוואוֹינֶער פוּן
דִיזֶען לַאנְד. אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶע־
שִׁיקְט אִין זַיינֶע פֶעלְדֶער אַרַיין חֲזִירִים
צוּ הִיטֶען:
16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעוָואלְט זַיין בּוֹיךְ
אָנְפִילֶען מִיט דִיא לִיסְקֶעשׁ וָואס דִיא
חֲזִירִים הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען. אוּנְד קֵיינֶער
הָאט אִיהְם נִיט גֶעגֶעבֶּען:
17 אוּנְד וָוען עֶר אִיז צוּ זִיךְ גֶעקוּמֶען,
אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט, וִויא פִיל
מְשָׁרְתִים פוּן מֵיין פָאטֶער הָאבֶּען בְּרוֹיט
גֶענוּג אוּנְד אִיבְּרִיג, אוּנְד אִיךְ קוּם
אוּם פַאר הוּנְגֶער:
18 אִיךְ וָועל אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד וֶועל
גֵיין צוּ מֵיין פָאטֶער, אוּנְד וֶועל צוּ
אִיהְם זָאגֶען, פָאטֶער, אִיךְ הָאבּ גֶע־
זִינְדִיגְט קֶעגֶען דֶעם הִימֶעל, אוּנְד פַאר
דִיר:
19 אוּנְד אִיךְ בִּין נִיט מֶעהְר וָוערְט
דֵיין זוּהְן צוּ הֵייסֶען. מַאךְ מִיךְ וִויא
אַיינֶעם פוּן דֵיינֶע מְשָׁרְתִים:
20 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זַיין פָאטֶער; אוּנְד
וָוען עֶר וַואר נָאךְ וֵוייט פוּן אִיהְם,
אַזוֹי הָאט אִיהְם זַיין פָאטֶער גֶעזֶעהֶען,
אוּנְד הָאט רַחֲמָנוּת בֶּעקוּמֶען, אוּנְד
אִיז גֶעלָאפֶען אוּנְד אִיז אִיהְם אוֹיף דֶעם
הַאלְז גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶע־
קִישְׁט:
21 אָבֶּער דֶער זוּהְן הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, פָאטֶער, אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט
קֶעגֶען דֶעם הִימֶעל אוּנְד קֶעגֶען דִיר,
אוּנְד בִּין נִיט מֶעהְר וֶוערְט דֵיין זוּהְן צוּ
הֵייסֶען:
22 אוּנְד דֶער פָאטֶער הָאט גֶעזָאגְט
צוּ זַיינֶע קְנֶעכְט, בְּרֶענְגְט אַרוֹיס דָאס
בֶּעסְטֶע קְלֵייד אוּנְד טְהוּט אִיהְם אָן,
אוּנְד גִיבְּט אִיהְם אַיין רִינְג אוֹיף זַיינֶע
הַאנְד, אוּנְד שִׁיךְ אוֹיף דִיא פִּיס:
23 אוּנְד בְּרֶענְגְט דָאס פֶעטֶע קַאלְבּ
אוּנְד שֶׁעכְט עֶס; אוּנְד לָאזֶען מִיר עֶסֶען,
אוּנְד לָאזֶען מִיר אוּנְס פְרֵייעֶן:
24 וָוארִין דִיזֶער מֵיין זוּהְן וַואר טוֹיט,
אוּנְד עֶר לֶעבְּט וִוידֶער. עֶר וַואר פֶערְ־
לוֹירֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעפוּנֶען. אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען פְרֵיילִיךְ צוּ
זַיין:
25 אָבֶּער זַיין עֶלְצְטֶער זוּהְן וַואר אִים
פֶעלְד. אוּנְד וִויא עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
נָאהְנְט צוּם הוֹיז, אַזוֹי הָאט עֶר גֶע־
הֶערְט זִינְגֶען אוּנְד טַאנְצֶען:
26 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען אַיינֶעם
פוּן זַיינֶע יוּנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶעפְרֶעגְט
וָואס דָאס בֶּעדֵייט:
27 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דֵיין בְּרוּדֶער אִיז גֶעקוּמֶען. אוּנְד דֵיין
פָאטֶער הָאט גֶעשָׁאכְטֶען דָאס פֶעטֶע
קַאלְבּ, ווייל עֶר הָאט אִיהְם גֶעזוּנְד
וִוידֶער עֶנְטְפַאנְגֶען:
28 אַזוֹי הָאט עֶס אִיהְם פֶערְדְרָאסֶען,
אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט אַרַיינְקוּמֶען.
אוּנְד זַיין פָאטֶער אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען,
אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען:

29 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּם פָאטֶער גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ
דִין דִיר שׁוֹין אַזוֹי פִיל יָאהְר, אוּנְד הָאבּ
נָאךְ קֵיינְמָאל נִיט עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען דֵיין
גֶעבָּאט, אוּנְד דוּא הָאסְט מִיר נָאךְ קֵיינְ־
מָאל נִיט גֶעגֶעבֶּען אֵיין צִיקֶעלֶע אַז
אִיךְ זָאל מִיךְ פְרֵיילִיךְ מַאכֶען מִיט
מֵיינֶע פְרֵיינְד׃
30 אָבֶּער וֶוען דִיזֶער דֵיין זוּהְן אִיז
גֶעקוּמֶען, וָואס הָאט דֵיין פֶערְמֶעגֶען
פֶערְבְּרַאכְט מִיט הוּרֶען, אַזוֹי הָאסְט דוּא
אִיהְם גֶעשָׁאכְטֶען דָאס פֶעטֶע קַאלְב׃
31 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
מֵיין זוּהְן, דוּא בִּיסְט שְׁטֶענְדִיג מִיט
מִיר, אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ אִיז
דֵיין׃
32 אוּנְד דוּא דַארְפְסְט דִיךְ פְרֵייעֶן
אוּנְד פְרֵיילִיךְ זֵיין, וָוארִין דִיזֶער דֵיין
בְּרוּדֶער וַואר טוֹיט, אוּנְד עֶר לֶעבְּט
ווִידֶער. אוּנְד עֶר וַואר פֶערְלוֹירֶען, אוּנְד
אִיז גֶעפוּנֶען׃

## קאפיטעל טז

1 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ צוּ זֵיינֶע
תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, דָא וַואר אֵיין רֵייכֶער
מַאן, וָואס הָאט גֶעהַאט אֵיין הוֹיזְהַאלְ־
טֶער. אוּנְד עֶר וַואר בֵּייא אִיהְם אָנְגֶע־
קְלָאגְט, אַז עֶר הָאט זֵיין פֶערְמֶעגֶען
פֶערְשְׁוֶוענְדֶעט׃
2 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶערוּפֶען אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דָאס
וָואס אִיךְ הֶער פוּן דִיר? גִיבּ אַ רֶעכְנוּנְג
פוּן דֵיינֶע הוֹיזהַאלְטוּנְג, וָוארִין דוּא
קֶענְסְט נִיט מֶעהְר זֵיין מֵיין הוֹיזְ־
הַאלְטֶער.
3 אוּנְד דֶער הוֹיזְהַאלְטֶער הָאט זִיךְ
גֶעטְרַאכְט, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? וָוארִין
מֵיין הַאר גֶעמְט פוּן מִיר אַוֶועק דָאס
הוֹיזְהַאלְטוּנְג, גְרוּבֶּען קֶען אִיךְ נִיט,
אוּנְד אִיךְ שֶׁעם מִיךְ צוּ בֶּעטְלֶען׃
4 אִיךְ וֵוייס וָואס אִיךְ זָאל טְהוּן, דָאס
וֶוען אִיךְ בִּין אָפְּגֶעזֶעצְט פוּן דֶעם הוֹיזְ־
הַאלְטוּנְג, אַזוֹי זָאלֶען זֵייא מִיךְ אִין
זֵייעֶרֶע הֵייזֶער אַרֵיינְנֶעמֶען׃
5 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען אַלֶע
בַּעֲלֵי חוֹבוֹת פוּן זֵיין הַאר, אוּנְד הָאט
צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעזָאגְט, וִויא פִיל בִּיסְט
דוּא מֵיינֶעם הַאר שׁוּלְדִיג?
6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט הוּנְדֶערְט
מָאס אֵייל. אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, נֶעם דֵיין שְׁטַר חוֹב, אוּנְד זֶעץ
דִיךְ בַּאלְד אַנִידֶער, אוּנְד שְׁרֵייבּ
אוֹיף פִיפְצִיג׃
7 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר צוּם אַנְדֶערְן גֶע־
זָאגְט, אוּנְד וִויא פִיל בִּיסְט דוּא שׁוּלְדִיג?
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הוּנְדֶערְט
מֶעסְטֶלֶעךְ וַוייץ; אַזוֹי הָאט עֶר צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, נֶעם דֵיין שְׁטַר חוֹב,
אוּנְד שְׁרֵייבּ אוֹיף אַכְטְצִיג׃
8 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעלוֹיבְּט דֶעם
אוּנְגֶערֶעכְטֶען הוֹיזְהַאלְטֶער, וַוייל עֶר
הָאט קְלוּג גֶעטְהוּן. וָוארִין דִיא קִינְדֶער
פוּן דִיזֶער וֶועלְט זֶענֶען קְלוּגֶער אִין
זֵייעֶר גֶעשְׁלֶעכְט וִויא דִיא קִינְדֶער פוּן
דֶעם לִיכְט׃
9 אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ, מַאכְט אֵייךְ
פְרֵיינְד פוּן דֶעם אוּנְגֶערֶעכְטֶען מָמוֹן,
דָאס וֶוען אִיהְר וֶועט פֶעהְלֶען, אַזוֹי
זָאלֶען זֵייא אֵייךְ אַרֵיינְנֶעמֶען אִין
אֵייבִּיגֶע וָואוֹינוּנְגֶען׃
10 דֶער וָואס אִיז גֶעטְרֵייא אִין דֶעם
וֵוינִיגְסְטֶען, אִיז אוֹיךְ גֶעטְרֵייא אִין
פִילֶען. אוּנְד דֶער וָואס אִיז אוּמְגֶע־
רֶעכְט אִין דֶעם וֵוינִיגְסְטֶען, אִיז אוֹיךְ
אוּמְגֶערֶעכְט אִין פִילֶען׃

11 דְרוּם וֶוען אִיהְר זֶענְט נִיט גֶע־
טְרֵייא גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם אוּמְגֶערֶעכְ־
טֶען מָמוֹן, וֶוער וֶועט אֵייךְ גֶעטְרוֹיעֶן
דָאס וָואהְרְהַאפְטִיגֶע ?
12 אוּנְד וֶוען אִיהְר זֶענְט אִין דֶעם
פְרֶעמְדֶענְס נִיט גֶעטְרֵייא גֶעוֶועזֶען, וֶוער
וֶועט אֵייךְ גֶעבֶּען דָאס אֵייגֶענֶע ?
13 קֵיין קְנֶעכְט קֶען נִיט דִינֶען צְוֵייא
הַארֶען. וָוארִין עֶנְטְוֶועדֶער עֶר וֶועט
אֵיינֶעם פֵיינְד הָאבֶּען, אוּנְד דֶעם
אַנְדֶערֶען לִיבֶּען. אָדֶער עֶר וֶועט זִיךְ
הַאלְטֶען אָן אֵיינֶעם, אוּנְד וֶועט דֶעם
אַנְדֶערְן פֶערְאַכְטֶען. אִיהְר קֶענְט נִיט
דִינֶען גָאט אוּנְד מָמוֹן:
14 אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים וָואס וַוארֶען
גֵייצִיג הָאבֶּען דָאס אַלֶעס גֶעהֶערְט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אויסְגֶעשְׁפֶּעט:
15 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיהְר זֶענְט דִיא וָואס טְהוּן זִיךְ רֶעכְט־
פֶערְטִיגֶען פַאר מֶענְשֶׁען, אָבֶער גָאט
קֶענְט אֵייעֶר הַארְץ. וָוארִין דָאס וָואס
אִיז הויךְ צְווִישֶׁען מֶענְשֶׁען, אִיז אֵיינֶע
אוּמְווִירְדִיגְקֵייט פַאר גָאט:
16 דִיא תּוֹרָה אוּנְד דִיא נְבִיאִים זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען בִּיז צוּ יוֹחָנָן, אוּנְד פוּן דֶענְסְ־
מָאלְט אָן וֶוערְט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט, אוּנְד אִיטְלִיכֶער
דְרִינְגְט זִיךְ אַרֵיין:
17 עֶס אִיז גְרִינְגֶער אַז הִימֶעל אוּנְד
עֶרְד זָאל פַארְגֵיין אֵיידֶער אֵיינֶע נְקוּדָה
פוּן דֶער תּוֹרָה זָאל פַאלֶען:
18 אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז מְגָרֵשׁ זֵיין
ווייבּ, אוּנְד נֶעמְט אֵיינֶע אַנְדֶערֶע, דֶער
טְהוּט אוּמְקֵיישֶׁען, אוּנְד וֶוער עֶס נֶעמְט
דִיא וָואס אִיז אֵיינֶע גְרוּשָׁה פוּן אִיהְר
מַאן, טְהוּט אוּמְקֵיישֶׁען:
19 דָא וַואר אֵיין רֵייכֶער מַאן וָואס
וַואר גֶעקְלֵיידֶעט אִין פוּרְפּוּר אוּנְד פֵיינֶע
לֵיינְוַואנְד, אוּנְד הָאט אַלֶע טָאג פְרֵייליךְ
גֶעלֶעבְּט:
20 אוּנְד דָא וַואר אֵיין אָרֶעמֶער מַאן
וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען אֶלְעָזֶר, וָואס וַואר
אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט בֵּייא זֵיין טוֹיעֶר, פוּל
מִיט בְּלָאטֶערְן:
21 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט זֶעטִיגֶען
מִיט דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ וָואס פַאלֶען אַרוּפּ
פוּן דֶעם רֵייכֶען מַאנְס טִישׁ, אָבֶּער דִיא
הִינְט זֶענֶען נָאךְ גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען
גֶעלֶעקְט זֵיינֶע בְּלָאטֶערְן:
22 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען דֶער אָרֶעמֶער
מַאן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי וַואר עֶר
גֶעטְרָאגֶען בֵּייא דִיא מַלְאָכִים אִין
אַבְרָהָם'ס שׁוֹים אַרֵיין, אוּנְד דֶער
רֵייכֶער אִיז אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד
וַואר בֶּעגְרָאבֶּען:
23 אוּנְד וֶוען עֶר וַואר אִין יְסוּרִים אִין
גֵיהִנָם, אַזוֹי הָאט עֶר זֵיינֶע אוֹיגֶען
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען
אַבְרָהָם פוּן וַוייטֶען, אוּנְד אֶלְעָזֶר אִין
זֵיין שׁוֹים:
24 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין פָאטֶער אַבְרָהָם,
דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער מִיר, אוּנְד שִׁיק
אֶלְעָזָר, אַז עֶר זָאל אֵיינְטִינְקֶען דֶעם
שְׁפִּיץ פוּן זֵיין פִינְגֶער אִין דֶעם וַואסֶער,
אוּנְד זָאל מֵיינֶע צוּנְג קִיהְלֶען, וָוארִין אִיךְ
לֵייד יְסוּרִים אִין דִיזֶער פְלַאם:
25 אָבֶּער אַבְרָהָם הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין
זוּהְן, גֶעדֶענְק אַז דוּא הָאסְט דֵיין גוּטֶעס
אָפְּגֶענוּמֶען בֵּייא דֵיין לֶעבֶּען, אוּנְד
אֶלְעָזָר הָאט אוֹיךְ דָאס שְׁלֶעכְטֶע אָפְּ־
גֶענוּמֶען, אוּנְד אַצוּנְד וֶוערְט עֶר גֶע־
טְרֵייסְט, אָבֶּער דוּא הָאסְט יְסוּרִים:
26 אוּנְד אִיבֶּער אַלֶעס דִיזֶען אִיז דָא

צְווִישֶׁען אוּנְס אוּנְד אֵייךְ אַיין טִיפֶעס
סְהָאל גֶעזֶעצְט, אַז דִיא וָואס ווִילֶען פוּן
הִיר צוּ אֵייךְ אַרִיבֶּערְגֵיין, קֶענֶען נִיט,
אוּנְד דִיא פוּן יֶענֶער זֵייט קֶענֶען אוֹיךְ
נִיט צוּ אוּנְס אַרִיבֶּערְקוּמֶען׃
27 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דְרוּם בֶּעט
אִיךְ דִיךְ, פָאטֶער, אַז דוּא זָאלְסְט אִיהְם
שִׁיקֶען צוּ מֵיין פָאטֶערְס הויז׃
28 וָוארִין אִיךְ הָאבּ פִינְף בְּרִידֶער. אַז
עֶר זָאל זֵייא בֶּעצֵייגֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען
אוֹיךְ נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דִיזֶען אָרְט
פוּן יִסוּרִים׃
29 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, זֵייא הָאבֶּען (תּוֹרַת) מֹשֶׁה אוּנְד
דִיא נְבִיאִים, לָאזֶען זֵייא זֵייא צוּהֶערֶען׃
30 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגט, נֵיין,
פָאטֶער אַבְרָהָם, נֵייעֶרְט וָוען אֵיינֶער
וָועט צוּ זֵייא קוּמֶען פוּן דִיא טוֹיטֶע,
אַזוֹי וָועלֶען זֵייא תְּשׁוּבָה טְהוּן׃
31 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וָוען זֵייא הֶערֶען נִיט צוּ (תּוֹרַת) מֹשֶׁה
אוּנְד דִיא נְבִיאִים, אַזוֹי וָועלֶען זֵייא אוֹיךְ
נִיט גְלוֹיבֶּען וָוען אֵיינֶער וָועט אוֹיפְ־
שְׁטֵיין פוּן דִיא טוֹיטֶע׃

## קאַפּיטעל יז

1 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים
גֶעזָאגְט, עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ אַז קֵיינֶע
שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען זָאלֶען נִיט קוּמֶען, אָבֶּער
ווֵייא צוּ דֶעם דוּרְךְ וֶועמֶען זֵייא
קוּמֶען׃
2 עֶס וָוער בֶּעסֶער פַאר אִיהְם, דָאס
אַיין מִיהְלְשְׁטֵיין וָוער אַרוּם זֵיין הַאלְז
גֶעהָאנְגֶען, אוּנְד עֶר וָוער אִים יַם
אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען, אֵיידֶער עֶר זָאל אָנְ־
שְׁטוֹיסֶען אֵיינֶעם פוּן דִיזֶע קְלֵיינֶע׃
3 גֶעמְט אֵייךְ אִין אַכְט. וָוען דֵיין
בְּרוּדֶער זִינְדִיגְט קֶעגֶען דִיר, אַזוֹי שְׁרֵייא
אִיהְם אָן. אוּנְד וָוען עֶר וָועט חֲרָטָה
הָאבֶּען, אַזוֹי פֶערְגִיבּ אִיהְם׃
4 אוּנְד וָוען עֶר וָועט זִיבֶּען מָאל אִין
טָאג קֶעגֶען דִיר זִינְדִיגֶען, אוּנְד וָועט
זִיךְ זִיבֶּען מָאל אִים טָאג צוּ דִיר אוּמְ־
קֶערֶען, אוּנְד וָועט זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ
חֲרָטָה, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אִיהְם פֶערְ־
גֶעבֶּען׃
5 אוּנְד דִיא אַפָּאסְטֶעלְס הָאבֶּען גֶע־
זָאגְט צוּ דֶעם הַאר, גִיבּ אוּנְס מֶעהְר
גְלוֹיבֶּען׃
6 אָבֶּער דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, וָוען
אִיהְר הֶעט גֶעהַאט גְלוֹיבֶּען אַזוֹי ווִיא
אַיין זָאמֶען פוּן זֶענְפְט, אַזוֹי וָועט אִיהְר
זָאגֶען צוּ דִיזֶען ווִילְדֶען פֵייגֶענְבּוֹים,
וָוער דוּא אוֹיסְגֶעוָוארְצֶעלְט אוּנְד זֵייא
גֶעפְּלַאנְצְט אִין דֶעם יַם, אַזוֹי וָועט עֶר
אֵייךְ צוּהֶערֶען׃
7 אוּנְד וָועלְכֶער פוּן אֵייךְ וָואס הָאט
אַיין קְנֶעכְט וָואס אִיז אַיין אַקֶערֶער אָדֶער
אַיין הִירְט, אוּנְד וָועט צוּ אִיהְם זָאגֶען
אַזוֹי בַּאלְד ווִיא עֶר קוּמְט פוּן דֶעם
פֶעלְד, גֵייא אוּנְד זֶעץ דִיךְ צוּם טִישׁ׃
8 אָבֶּער וָועט עֶר דָען נִיט זָאגֶען צוּ
אִיהְם, מַאךְ פֶערְטִיג וָואס אִיךְ זָאל
עֶסֶען צוּם אָבֶּענְדְמָאל, אוּנְד גַארְטֶעל
דִיךְ אַרוּם, אוּנְד בֶּעדִין מִיךְ בִּיז אִיךְ
הָאבּ גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנְד
דֶערְנָאךְ זָאלְסְט דוּא עֶסֶען אוּנְד
טְרִינְקֶען׃
9 וָועט עֶר זִיךְ בֶּעדַאנְקֶען צוּ דִיזֶען
קְנֶעכְט, ווֵייל עֶר הָאט גֶעטְהוּן וָואס
עֶר הָאט אִיהְם בֶּעפוֹילֶען? אִיךְ דֶענְק
אַז נֵיין׃
10 אַזוֹי אוֹיךְ אִיהְר. וָוען אִיהְר וָועט
הָאבֶּען אַלֶעס גֶעטְהוּן וָואס אִיז אֵייךְ
גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי זָאגְט, מִיר זֶענֶען

אוּנְנִיצְלִיכֶע קְנֶעכְט, וָוארִין מִיר הָאבֶּען
גֶעטְהוּן דָאס וָואס מִיר זֶענֶען שׁוּלְדִיג
גֶעוֶועזֶען צוּ טְהוּן׃
11 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען עֶר אִיז גֶער־
גַאנְגֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי אִיז עֶר
גֶעקוּמֶען דוּרְךְ שֹׁמְרוֹן אוּנְד גָלִיל׃
12 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין
אֵיין דָארְף אַרֵיין, אַזוֹי הָאבֶּען אִיהְם
בֶּעגֶעגֶנְט צֶעהְן אוֹיסְזֶעצִיגֶע וָואס זֶענֶען
גֶעשְׁטַאנֶען פוּן וַוייטֶען׃
13 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייעֶר קוֹל אוֹיפְ־
גֶעהוֹיבֶּען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, יֵשׁוּעַ,
אוּנְזֶער הַאר, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער
אוּנְס׃
14 אוּנְד וַויא עֶר הָאט זַייא גֶעזֶעהֶען,
אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט, גֵייט
אוּנְד וַוייזְט אֵייךְ צוּ דִיא כֹּהֲנִים. אוּנְד
עֶס וַואר וֶוען זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְ־
גֶען, אַזוֹי וַוארֶען זַייא גֶערֵיינִיגְט׃
15 אוּנְד אֵיינֶער פוּן זַייא וֶוען עֶר
הָאט גֶעזֶעהֶען, אַז עֶר אִיז גֶעהֵיילְט,
הָאט עֶר זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט, אוּנְד הָאט
גָאט גֶעלוֹיבְּט מִיט אֵיין הוֹיךְ קוֹל׃
16 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיף דֶעם פָּנִים גֶע־
פַאלֶען פַאר זַיינֶע פִים, אוּנְד הָאט אִיהְם
גֶעדַאנְקְט. אוּנְד עֶר וַואר פוּן דִיא
שֹׁמְרוֹנִים׃
17 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, זֶענֶען נִיט צֶעהְן גֶער־
רֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען? אָבֶּער וְואוּ זֶענֶען דִיא
נַיין?
18 עֶס הָאט זִיךְ קֵיינֶער נִיט גֶעפוּנֶען
וָואס הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט כָּבוֹד צוּ
גֶעבֶּען צוּ גָאט, נֵייעֶרְט דִיזֶער פְרֶעמְדֶער׃
19 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד גֵייא דֵיין וֶועג, דֵיין
גְלוֹיבֶּען הָאט דִיךְ גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט׃

20 אוּנְד וֶוען עֶר וַואר גֶעפְרֶעגְט בֵּייא
דִיא פְּרוּשִׁים, וֶוען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט וֶועט קוּמֶען, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ
זַייא גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט קוּמְט נִיט מִיט
בֶּעמֶערְקוּנְג׃
21 אוּנְד מֶען וֶועט נִיט זָאגֶען, זֶעה,
הִיר אִיז עֶס, אָדֶער זֶעה דָארְט, וָוארִין
זֶעה, דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז אִין
אֵייךְ׃
22 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים
גֶעזָאגְט, דִיא טֶעג וֶועלֶען קוּמֶען, וֶוען
אִיהְר וֶועט בֶּעגֶערֶען צוּ זֶעהֶען אֵיינְס
פוּן דִיא טֶעג פוּן דֶעם בֶּן־אָדָם, אוּנְד
אִיהְר וֶועט עֶס נִיט זֶעהֶען׃
23 אוּנְד זַייא וֶועלֶען צוּ אֵייךְ זָאגֶען,
זֶעה הִיר, אוּנְד זֶעה דָארְט. גֵייט נִיט
אַרוֹיס אוּנְד פָאלְגְט זַייא נִיט נָאךְ׃
24 וָוארִין אַזוֹי וַויא דֶער בְּלִיץ וָואס
בְּלִיצְט פוּן אֵיין עֶק פוּן אוּנְטֶער דֶעם
הִימֶעל, אוּנְד שַׁיינְט בִּיז צוּם אַנְדֶערְן
עֶק אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל, אַזוֹי וֶועט
דֶער בֶּן־אָדָם זַיין אִין זַיין טָאג׃
25 אָבֶּער פְּרִיר מוּס עֶר פִיל לֵיידֶען,
אוּנְד פֶערְוָוארְפֶען וֶוערֶען פוּן דִיזֶען
גֶעשְׁלֶעכְט׃
26 אוּנְד אַזוֹי וַויא עֶס וַואר אִין דִיא
טֶעג פוּן נֹחַ, אַזוֹי וֶועט עֶס אוֹיךְ זַיין
אִין דִיא טֶעג פוּן דֶעם בֶּן־אָדָם׃
27 זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, זַייא הָאבֶּען
גֶעטְרוּנְקֶען, זַייא הָאבֶּען גֶעהֵיירַאטֶעט,
אוּנְד זֶענֶען פֶערְהֵיירַאטֶעט גֶעוָוארֶען,
בִּיז צוּ דֶעם טָאג וֶוען נֹחַ אִיז אַרֵיינְ־
גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער תֵּיבָה, אוּנְד דָאס
מַבּוּל אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט זַייא
אַלֶע אוּמְגֶעבְּרַאכְט׃
28 אוּנְד אַזוֹי וַויא עֶס וַואר אוֹיךְ אִין

דיא טֶעג פוּן לוט, זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶע־
סֶען, זֵייא הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען, זֵייא
הָאבֶּען גֶעקויפְט. זֵייא הָאבֶּען פֶערְ־
קויפְט, זֵייא הָאבֶּען גֶעפְּלַאנְצְט, זֵייא
הָאבֶּען גֶעבּויעֶט:
29 אָבֶּער אִין דֶעם טָאג וָוען לוט אִיז
אַרויסְגֶעגַאנְגֶען פוּן סְדוֹם הָאט עֶס גֶע־
רֶעגֶענְט מִיט פֵייעֶר אוּנְד שְׁוֶועבֶּעל פוּן
הִימֶעל, אוּנְד הָאט זֵייא אַלֶע אוּמְ־
גֶעבְּרַאכְט:
30 אַזוֹי וֶועט עֶס זַיין אִין דֶעם טָאג
וָוען דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט עֶנְטפְּלֶעקְט
וֶוערֶען:
31 אִין דִיזֶען טָאג, דֶער וָואס וֶועט
זַיין אויף דֶעם דַאךְ, אוּנְד זַיינֶע כֵּלִים
אִין הויז, לָאז עֶר נִיט אַרָאפְּגֵיין כְּדֵי
זֵייא צוּ גֶעמֶען. אוּנְד דֶער וָואס אִיז
אִים פֶעלְד, לָאז עֶר זִיךְ אויךְ נִיט
צוּרִיק אוּמְקֶערֶען:
32 גֶעדֶענְקְט אָן דֶעם ווייב פוּן לוט:
33 דֶער וָואס וֶועט זוּכֶען זַיין לֶעבֶּען
מַצִיל צוּ זַיין, דֶער וֶועט עֶס פֶערְלִיר־
רֶען, אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט זַיין לֶעבֶּען
פֶערְלִירֶען, דֶער וֶועט עֶס דֶערְהַאלְטֶען:
34 אִיךְ זָאג אֵייךְ, אִין דִיזֶער נַאכְט
וֶועלֶען זַיין צְוֵייא אִין אֵיין בֶּעט, אֵיינֶער
וֶועט אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אוּנְד דֶער
אַנְדֶערֶער וֶועט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט וֶוערֶען:
35 צְוֵייא ווייבֶּער וֶועלֶען צוּזַאמֶען
מָאלֶען, אֵיינֶע וֶועט אַוֶועקְגֶענוּמֶען
וֶוערֶען, אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע וֶועט אִיבֶּערְ־
גֶעלָאזְט וֶוערֶען:
36 צְוֵייא וֶועלֶען זַיין אִין אֵיין פֶּעלְד;
אֵיינֶער וֶועט אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען,
אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער וֶועט אִיבֶּערְגֶע־
לָאזְט וֶוערֶען:
37 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַווּאוּ,
הַאר? אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וְואוּ דִיא נְבֵלָה אִיז, דָארְטֶען וֶועלֶען
זִיךְ דִיא אָדְלֶערְס צוּזַאמֶען אֵיינְזַאמְלֶען:

## קאפיטעל יח

2 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אֵיין מָשָׁל גֶע־
זָאגְט, אַז זֵייא זָאלֶען תָּמִיד בֶּעטֶען
אוּנְד נִיט מִיד וֶוערֶען:
2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט דָא וַואר
אֵיין שׁוֹפֵט אִין אֵיינֶע שְׁטָאט וָואס הָאט
זִיךְ נִיט גֶעפָארְכְטֶען פַאר גָאט אוּנְד
הָאט קֵיין מֶענְשׁ נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים גֶע־
וֶועזֶען:
3 אוּנְד דָא וַואר אֵיינֶע אַלְמָנָה אִין
דִיזֶער שְׁטָאט. אוּנְד זִיא אִיז צוּ
אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
טְהוּא מִיר אֵיין נְקָמָה אָן מֵיין קְרִיגֶער:
4 אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט פַאר
אֵיינֶע צֵייט. אָבֶּער דֶערְנָאךְ הָאט עֶר
גֶעטְרַאכְט, חָאטְשֶׁע אִיךְ פָארְכְט נִיט
גָאט אוּנְד בִּין קֵיין מֶענְשׁ נִיט נוֹשֵׂא
פָּנִים:
5 דָאךְ ווייל דִיזֶע אַלְמָנָה גִיבְּט מִיר
אַזוֹי פִיל מִיה, אַזוֹי וֶועל אִיךְ פַאר
אִיהְר אֵיינֶע נְקָמָה טְהוּן, אַז זִיא זָאל
מִיךְ נִיט מַאכֶען מִיט אִיהְר פִיל
קוּמֶען:
6 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, הֶערְט
וָואס דֶער אוּמְגֶערֶעכְטֶער שׁוֹפֵט זָאגְט:
7 אוּנְד זָאל נִיט גָאט אֵיינֶע נְקָמָה
טְהוּן פַאר זַיינֶע אויסְדֶערְוֶוועהְלְטֶע, וָואס
שְׁרֵייעֶן צוּ אִיהְם טָאג אוּנְד נַאכְט,
חָאטְשֶׁע עֶר הָאט מִיט זֵייא גֶעדוּלְד?
8 אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז עֶר וֶועט בַּאלְד
פַאר זֵייא אֵיינֶע נְקָמָה טְהוּן; אָבֶּער
וָוען דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט קוּמֶען וֶועט עֶר
דֶען גֶעפִינֶען גְלויבֶּען אויף דֶער עֶרְד?

אונד

9 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ דָאס מָשָׁל גֶעזָאגְט צוּ עֶטְלִיכֶע וָואס הָאבֶּען זִיךְ פֶּערְזִיכֶערְט אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט אַז זֵייא זֶענֶען צַדִּיקִים, אוּנְד הָאבֶּען דִיא אִיבְּרִיגֶע פֶּערְאַכְטֶעט:

10 צְוֵוייא מֶענְשֶׁען זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ מִתְפַּלֵּל צוּ זַיין. אֵיינֶער וַואר אֵיין פָּרוּשׁ, אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער אֵיין מוֹכֵס:

11 דֶער פָּרוּשׁ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט אַזוֹי מִתְפַּלֵּל גֶעוֶועזֶען, אוֹי גָאט! אִיךְ דַאנְק דִיר, דָאס אִיךְ בִּין נִיט וִויא אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען, רוֹיבֶּערְס, אוּמְגֶערֶעכְט, אוּנְד אוּמְקֵיישֶׁער, אָדֶער אַזוֹי וִויא דִיזֶער מוֹכֵס:

12 אִיךְ פַּאסְט צְוֵוייא מָאל דִיא וָואךְ, אִיךְ גִיבּ מַעֲשֵׂר פוּן אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ:

13 אָבֶּער דֶער מוֹכֵס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פוּן וֵוייטֶען, אוּנְד הָאט נִיט אַמָאל גֶעוָואלְט אוֹיפְהֵייבֶּען דִיא אוֹיגֶען צוּם הִימֶעל. נֵייעֶרְט עֶר הָאט זִיךְ אוֹיף דֶעם הַארְץ גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אוֹי גָאט, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער מִיר דֶעם זִינְדֶער:

14 אִיךְ זָאג אֵייךְ, דֶער מַאן אִיז גִיבֶער אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט וִויא דֶער אַנְדֶערֶער; וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס דֶערְהֵייבְּט זִיךְ זֶעלְבְּסְט, וֶועט דֶערְנִידְרִיגְט וֶוערֶען. אָבֶּער דֶער וָואס דֶערְנִידְרִיגְט זִיךְ זֶעלְבְּסְט, וֶועט דֶערְהֵייבְּט וֶוערֶען:

15 אוּנְד מֶען הָאט צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אַז עֶר זָאל זֵייא אָנְרִירֶען; וֶוען דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען עֶס גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעשְׁרִיגֶען:

16 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, לָאזְט דִיא קִינְדֶערְלֶעךְ צוּ מִיר קוּמֶען, אוּנְד פֶּערְבִּיט זֵייא נִיט. וָוארִין פוּן זָאלְכֶע אִיז דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט:

17 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוער עֶס וֶועט נִיט אָנְנֶעמֶען דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט וִויא אֵיין קְלֵיין קִינְד, דֶער וֶועט דְרִינֶען נִיט אַרֵיינְקוּמֶען:

18 אוּנְד אֵיין עֶלְצְטֶער הָאט אִיהְם גֶעפְּרֶעגְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, גוּטֶער רַבִּי, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן, אַז אִיךְ זָאל עֶרְבֶּען דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען?

19 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָוארוּם רוּפְסְט דוּא מִיךְ גוּטֶער? קֵיינֶער אִיז נִיט גוּט, נֵייעֶרְט אֵיינֶער, דָאס אִיז גָאט:

20 דוּא קֶענְסְט דִיא מִצְוֹת. דוּא זָאלְסְט נִיט אוּמְקֵיישֶׁען. דוּא זָאלְסְט נִיט מָארְדֶען. דוּא זָאלְסְט נִיט שְׁטֶעהְלֶען. דוּא זָאלְסְט נִיט פַאלְשׁ עֵדוּת זָאגֶען. הַאלְט עֶהְרְלִיךְ דֵיין פָאטֶער אוּנְד מוּטֶער:

21 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אַלֶעס הָאבּ אִיךְ גֶעהַאלְטֶען פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד אוֹיף:

22 וִויא יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, נָאךְ אֵיין זַאךְ פֶּעהְלְט דִיר; פֶּערְקוֹיף אַלֶעס וָואס דוּא הָאסְט, אוּנְד פֶּערְטֵייל דָאס צוּ דִיא אָרֶעמֶע לֵייט, אוּנְד דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אֵיין אוֹצָר אִים הִימֶעל, אוּנְד קוּם, פָאלְג מִיר נָאךְ:

23 אָבֶּער וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי וַואר עֶר טְרוֹירִיג. וָוארִין עֶר וַואר אֵיין גְרוֹיסֶער עוֹשֶׁר:

24 וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר וַואר טְרוֹירִיג, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט,



ווייא

וויא שְׁווֶער אִיז עֶס פַאר דִיא וָואס
הָאבֶּען רַייכְטְהוּם אַרַיינְצוּקוּמֶען אִים
קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט :
25 וָוארִין עֶס אִיז לֵייכְטֶער פַאר אֵיין
קֶעמֶעל דוּרְכְצוּגֵיין דוּרךְ דֶעם לָאךְ פוּן
אֵיינֶער נָאדֶעל, ווִיא פַאר אֵיין רַייכֶען
אַרַיינְצוּקוּמֶען אִים קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט :
26 אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען דָאס גֶע־
הֶערְט הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוער קֶען דֶען
גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען ?
27 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס
וָואס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ בֵּייא מֶענְשֶׁען,
אִיז מֶעגְלִיךְ בֵּייא גָאט :
28 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה,
מִיר הָאבֶּען אַלֶעס פֶערְלָאזְט, אוּנְד
הָאבֶּען דִיר נָאכְגֶעפָאלְגְט :
29 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, דָא אִיז קֵיינֶער
נִיט פֶערְהַאנְדֶען וָואס הָאט פֶערְלָאזְט
אַ הויז, אָדֶער עֶלְטֶערְן, אָדֶער בְּרִידֶער,
אָדֶער ווַייבּ, אָדֶער קִינְדֶער, פוּן וֶועגֶען
דֶעם קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט :
30 וָואס וֶועט נִיט עֶנְטְפַאנְגֶען פִיל
מָאל מֶעהְר אִין דִיזֶער צֵייט, אוּנְד
אֵייבִּיגֶעס לֶעבֶּען אויף יֶענֶער וֶועלְט :
31 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא
צְוֶועלְף, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
נוּן גֵייעֶן מִיר אַרויף נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען דוּרְךְ
דִיא נְבִיאִים אויף דֶעם בֶּן־אָדָם וֶועט
מְקוּיָם וֶוערֶען :
32 וָוארִין עֶר וֶועט אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶּערְט
וֶוערֶען צוּ דִיא גוֹיִם, אוּנְד וֶועט
אויסְגֶעשְׁפֶּעט וֶוערֶען, אוּנְד שְׁלֶעכְט
בֶּעהַאנְדֶעלְט וֶוערֶען, אוּנְד אָנְגֶעשְׁפִּיגֶען
וֶוערֶען :
33 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אִיהְם שְׁלָאגֶען
מִיט רִיטֶער, אוּנְד וֶועלֶען אִיהְם אוּמ־
בְּרֶענְגֶען, אוּנְד אויף דֶעם דְרִיטֶען טָאג
וֶועט עֶר ווִידֶער אויפְשְׁטֵיין :
34 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען קֵיינֶע פוּן דִיזֶע
זַאכֶען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען. אוּנְד דִיזֶע
רֵייד ווַאר פוּן זֵייא פֶערְהוילֶען. אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אויךְ נִיט גֶעווָאוּסְט וָואס
ווַאר גֶערֶעט :
35 אוּנְד עֶס ווַאר וֶוען עֶר אִיז גֶע־
קוּמֶען נָאהֶנְט צוּ יְרִיחוֹ, אַזוֹי אִיז אֵיין
בְּלִינְדֶער גֶעזֶעסֶען בֵּיים וֶועג, אוּנְד הָאט
גֶעבֶּעטֶעלְט :
36 ווִיא עֶר הָאט גֶעהֶערְט דָאס פָאלְק
פֶערְבֵּייא גֵיין, הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט וָואס
דָאס אִיז :
37 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזָאגְט,
אַז יֵשׁוּעַ הַנּוֹצְרִי גֵייט פֶערְבֵּייא :
38 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, יֵשׁוּעַ בֶּן דָוִד, דֶערְ־
בַּארְם דִיךְ אִיבֶּער מִיר :
39 אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען פָאר אִיהְם
גֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעשְׁרִיגֶען
אַז עֶר זָאל שְׁטִיל שְׁווַייגֶען. אָבֶּער עֶר
הָאט נָאךְ מֶעהְר גֶעשְׁרִיגֶען, בֶּן דָוִד,
דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער מִיר :
40 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין,
אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעהֵייסֶען צוּ זִיךְ
בְּרֶענְגֶען. אוּנְד ווִיא עֶר אִיז נָאהֶנְט
גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר אִיהְם גֶעפְרֶעגְט :
41 אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וָואס ווִילְסְט
דוּא אַז אִיךְ זָאל דִיר טְהוּן ? אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, דָאס אִיךְ זָאל
זֶעהֶענְדִיג וֶוערֶען :
42 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וֶוער זֶעהֶענְדִיג. דַיין גְלויבֶּען הָאט דִיךְ
גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט :
43 אוּנְד עֶר אִיז בַּאלְד זֶעהֶענְדִיג

גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם נָאכְגֶעגַ־
פָאלְגט, אוּנְד הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט. אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאבֶען גָאט גֶעלוֹיבְּט,
וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען:

קאַפּיטעל יט

1 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד אִיז
גֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ יְרִיחוֹ:
2 אוּנְד דָא וַואר אֵיין מַאן וָואס הָאט
גֶעהֵייסֶען זַאכִּיאוּס. אוּנְד עֶר וַואר דֶער
אָבֶּערְשְׁטֶער פוּן דִיא מוֹכְסִים, אוּנְד עֶר
וַואר אֵיין רֵייכֶער מַאן:
3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעוִוינְשְׁט יֵשׁוּעַ צוּ
זֶעהֶען, וֶוער עֶר אִיז; אוּנְד עֶר הָאט
נִיט גֶעקֶענְט וֶועגֶען דֶעם גֶעדְרֶענְג, וַוייל
עֶר וַואר אֵיין קְלֵיינֶער מַאן:
4 אוּנְד עֶר אִיז פָאר אִיהְם גֶעלָאפֶען,
אוּנְד אִיז אַרוֹיפְגֶעקְלֶעטֶערְט אוֹיף אֵיין
וִוילְדֶען פֵייגֶענְבּוֹים, כְּדֵי עֶר זָאל אִיהְם
זֶעהֶען. וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאלְט דָארְטֶען
פֶערְבֵּייא גֵיין:
5 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז צוּ דֶעם אָרְט
גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט עֶר אַרוֹיפְגֶעקוּקְט
אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אוּנְד עֶר
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זַאכִּיאוּס, קוּם
גֶעשְׁוִוינְד אַרוּפּ, וָוארִין אִיךְ מוּס הֵיינְט
אִין דֵיין הוֹיז בְּלֵייבֶּען:
6 אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁוִוינְד אַרוּפְּגֶעגַ־
קוּמֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם עֶנְטפַאנְגֶען
מִיט פְרֵייד:
7 אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען,
הָאבֶּען זֵייא אַלֶע גֶעמוּרְמֶעלְט אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר גֵייט אַרֵיין צוּ זַיין
אַ גַאסְט בֵּייא אֵיין זִינְדִיגֶען מַאן:
8 אוּנְד זַאכִּיאוּס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט צוּם הַאר, זֶעה, הַאר,
אִיךְ גִיבּ דִיא הֶעלְפְט פוּן מֵיין פֶערְ־
מֶעגֶען צוּ דִיא אָרֶעמֶע, אוּנְד וֶוען אִיךְ
הָאבּ פוּן אֵיינֶעם עֶפֶּעס גֶערוֹיבְּט אַזוֹי
גִיבּ אִיךְ עֶס אָפּ פִירְפֶעלְטִיג:
9 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
הֵיינְט אִיז דִיא יְשׁוּעָה אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צוּ
דִיזֶען הוֹיז, וַוייל עֶר אִיז אוֹיךְ אֵיין זוּהְן
פוּן אַבְרָהָם:
10 וָוארִין דֶער בֶּן־אָדָם אִיז גֶעקוּמֶען
צוּ זוּכֶען, אוּנְד צוּ רֶעטֶען דָאס וָואס
וַואר פֶערְלוֹירֶען:
11 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס צוּ־
גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר וַויטֶער אֵיין
מָשָׁל גֶעזָאגְט, וַוייל עֶר וַואר נָאהְנְט צוּ
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד וַוייל זֵייא הָאבֶּען גֶעדַ־
רֶענְקְט אַז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט
וֶועט בַּאלְד דֶערְשֵׁיינֶען:
12 דְרוּם הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אֵיין עֶדֶעל
מַאן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין וַוייט
לַאנְד אַרֵיין. כְּדֵי עֶר זָאל אֵיין קֶענִיגְ־
רֵייךְ אֵיינְנֶעמֶען, אוּנְד וִוידֶער צוּרִיק צוּ
קֶעהְרֶען:
13 אַזוֹי הָאט עֶר גֶערוּפֶען זֵיינֶע צֶעהְן
קְנֶעכְט, אוּנְד הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען צֶעהְן
פוּנְט, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
הַאנְדֶעלְט דֶערְמִיט בִּיז אִיךְ וֶועל צוּרִיק
קוּמֶען:
14 אוּנְד זֵיינֶע שְׁטָאטְלֵייט הָאבֶּען
אִיהְם פֵיינְד גֶעהַאט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם שְׁלוּחִים נָאכְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, מִיר ווִילֶען נִיט הָאבֶּען אַז
דִיזֶער זָאל אִיבֶּער אוּנְס גֶעוֶועלְטִיגֶען:
15 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען עֶר אִיז צוּרִיקְ־
גֶעקוּמֶען, נָאכְדֶעם וִויא עֶר הָאט דָאס
קֶענִיגְרֵייךְ אֵיינְגֶענוּמֶען, אַזוֹי הָאט עֶר
גֶעהֵייסֶען דִיא קְנֶעכְט צוּ זִיךְ רוּפֶען,
צוּ וֶועלְכֶע עֶר הָאט דָאס גֶעלְט גֶעגֶ־
געבֶּען, כְּדֵי עֶר זָאל וִויסֶען וָואס
אִיטְלִיכֶער הָאט פֶערְדִינְט מִיט הַאנְדְלֶען:

16 אַזוֹי אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, דֵיין פוּנְט
הָאט פֶערְדִינְט צֶעהְן פוּנְט׃
17 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פֵיין, דוּא גוּטֶער קְנֶעכְט. וֵוייל דוּא
בִּיסְט גֶעטְרֵייא גֶעוֶועזֶען אִין אַבִּיסֶעל,
אַזוֹי הָאבּ דוּא צוּ גֶעוֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער
צֶעהְן שְׁטֶעט׃
18 אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער אִיז גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, דֵיין פוּנְט
הָאט פֶערְדִינְט פִינְף פוּנְט׃
19 אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיךְ צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, זֵייא דוּא אִיבֶּער פִינְף שְׁטֶעט׃
20 אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער אִיז גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, הִיר אִיז דֵיין
פוּנְט, וָואס אִיךְ הָאבּ בֶּעהַאלְטֶען אִין
אֵיין טִיכֶעל׃
21 וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיךְ פַאר דִיר
גֶעפָארְכְטֶען. וֵוייל דוּא בִּיסְט אֵיין
הַארְטֶער מֶענְשׁ. דוּא נֶעמְסְט וָואס דוּא
הָאסְט נִיט אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט, אוּנְד
שְׁנֵיידֶעסְט וָואס דוּא הָאסְט נִיט גֶע־
זֵייעֶט׃
22 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט.
פוּן דֵיין אֵייגֶען מוֹיל וֶועל אִיךְ דִיךְ
רִיכְטֶען, דוּא שְׁלֶעכְטֶער קְנֶעכְט. דוּא
הָאסְט גֶעווּאוּסְט אַז אִיךְ בִּין אֵיין
הַארְטֶער מֶענְשׁ, אוּנְד אַז אִיךְ נֶעם
וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט,
אוּנְד שְׁנֵייד וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט גֶע־
זֵייעֶט׃
23 וָוארוּם הָאסְט דוּא דֶען נִיט מֵיין
גֶעלְט אַרֵיינְגֶעגֶעבֶּען אִין דֶער בַּאנְק?
דָאס בֵּייא מֵיין צוּרִיקְקוּמֶען הֶעט אִיךְ
עֶס פֶערְלַאנְגְט מִיט רְוָחִים׃
24 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, נֶעמְט
פוּן אִיהְם דָאס פוּנְט, אוּנְד גִיבְּט עֶס
צוּא דֶעם וָואס הָאט דִיא צֶעהְן פוּנְט׃
25 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, הַאר, עֶר הָאט שׁוֹין צֶעהְן פוּנְט׃
26 וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז צוּ
אִיטְלִיכֶען וָואס הָאט וֶועט גֶעגֶעבֶּען
וֶוערֶען. אוּנְד פוּן דֶעם וָואס הָאט נִיט,
וֶועט דָאס וָואס עֶר הָאט אוֹיךְ אַוֶועקְ־
גֶענוּמֶען וֶוערֶען׃
27 אָבֶּער דִיזֶע מֵיינֶע פֵיינְד, וָואס
הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט אַז אִיךְ זָאל אִיבֶּער
זֵייא גֶעוֶועלְטִיגֶען, בְּרֶענְגְט זֵייא אַהֶער
אוּנְד בְּרֶענְגְט זֵייא אוּם פַאר מִיר׃
28 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט,
אִיז עֶר בֶּעפָאר זֵייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען,
כְּדֵי אַרוֹיף צוּ גֵיין נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם׃
29 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען עֶר אִיז גֶע־
קוּמֶען נָאהֶנְט צוּ בֵּית פַּגֵי אוּנְד בֵּית
עַנְיָה, צוּם בַּארְג וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען
דֶער הַר הַזֵיתִים, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט
צְווֵייא פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים׃
30 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֵייט אַרֵיין
אִין דֶעם דָארְף וָואס אִיז קֶעגֶען אִיבֶּער
אֵייךְ, אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט דְרִינֶען
אַרֵיינְקוּמֶען, וֶועט אִיהְר גֶעפִינֶען אֵיין
יוּנְג אֵייזֶעלֶע אָנְגֶעבּוּנְדֶען, אוֹיף וֶועלְכֶען
קֵיין מֶענְשׁ אִיז נָאךְ נִיט גֶעזֶעסֶען. בִּינְד
עֶס לוֹיז אוּנְד בְּרֶענְגְט עֶס אַהֶער׃
31 אוּנְד וֶוען אֵיינֶער וֶועט אֵייךְ פְּרֶעגֶען,
וָוארוּם לָאזְט אִיהְר עֶס לוֹיז? אַזוֹי
זָאלְט אִיהְר צוּ אִיהְם זָאגֶען, אַז דֶער
הַאר הָאט עֶס גֵייטִיג׃
32 אוּנְד דִיא וָואס וַוארֶען גֶעשִׁיקְט
זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעפוּנֶען אַזוֹי וִויא עֶר הָאט זֵייא גֶע־
זָאגְט׃
33 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס יוּנְגֶע

אייזעלע

אֵייזֶעלֶע אוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען אַזוֹי הָאבֶּען דִיא
אֵייגֶענְטִימֶער דֶערְפוּן צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וָוארוּם בִּינְד אִיהְר אוֹיף דָאס יוּנְגֶע
אֵייזֶעלֶע:
34 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֶער
הַאר הָאט עֶס נֵייטִיג:
35 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעבְּרַאכְט
צוּ יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאבֶּען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער
אַרוֹיפְגֶעוָוארְפֶען אוֹיף דָאס יוּנְגֶע
אֵייזֶעלֶע, אוּנְד הָאבֶּען יֵשׁוּעַ דְרוֹיף גֶע־
זֶעצְט:
36 אוּנְד וִויא זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען,
אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער
אוֹיסגֶעשְׁפְּרֵייט אוֹיף דֶעם וֶועג:
37 אוּנְד וִויא עֶר אִיז שׁוֹין גֶעקוּמֶען
נָאהְנְט צוּם אַרוּפְגַאנְג פוּן דֶעם הַר
הַזֵיתִים, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא גַאנְצֶע מֶענְגֶע
תַּלְמִידִים אָנְגֶעהוֹיבֶּען גָאט צוּ לוֹיבֶּען
מִיט שִׂמְחָה אוּנְד מִיט אֵיין הוֹיךְ קוֹל,
פַאר אַלֶע וְואוּנְדֶער וָואס זֵייא הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען:
38 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, גֶע־
לוֹיבְּט אִיז דֶער קֶענִיג וָואס קוּמְט אִין
דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר גָאט, שָׁלוֹם
אִים הִימֶעל, אוּנְד כָּבוֹד אִין דֶער
הֵייךְ:
39 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים
פוּן צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, שְׁרֵייא אָן דֵיינֶע
תַּלְמִידִים:
40 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ זָאג אֵייךְ,
דָאס וֶוען דִיזֶע וֶועלֶען שְׁטִיל שְׁוַוייגֶען,
אַזוֹי וֶועלֶען דִיא שְׁטֵיינֶער אוֹיסשְׁרֵייעֶן:
41 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז נָאהְנְט גֶעקוּמֶען,
אוּנְד הָאט דִיא שְׁטָאט גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי
הָאט עֶר אִיבֶּער אִיהְר גֶעוֵויינְט:
42 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הַלְוַאי,
הֶעסְט דוּא דָאס זֶעלְבּסְט גֶעוְואוּסְט,
אַפִּילוּ אִין דִיזֶען טָאג דִיא זַאכֶען וָואס
קֶערֶען צוּ דֵיין פְרִידֶען! אָבֶּער נוּן
זֶענֶען זֵייא פֶערְהוֹילֶען פוּן דֵיינֶע אוֹיגֶען:
43 וָוארִין דִיא טֶעג וֶועלֶען אִיבֶּער
דִיר קוּמֶען, וֶוען דֵיינֶע פֵיינְד וֶועלֶען
אֵיינֶע גְרוּבּ אַרוּם דִיר גְרוּבֶּען, אוּנְד
וֶועלֶען דִיךְ אַרוּמְרִינְגְלֶען, אוּנְד וֶועלֶען
דִיךְ בֶּעלַאגֶערְן פוּן אַלֶע זֵייטֶען:
44 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דִיךְ צוּם גְרוּנְד
לֵייגֶען, אוּנְד דֵיינֶע קִינְדֶער אִין דִיר;
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אִין דִיר נִיט אִיבֶּער־
לָאזֶען אֵיין שְׁטֵיין אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן.
ווייל דוּא הָאסְט נִיט גֶעוְואוּסְט דִיא
צֵייט וֶוען דוּא בִּיסְט בֶּעזוּכְט גֶעוָוארֶען:
45 אוּנְד עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין
דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד הָאט אָנְגֶע־
הוֹיבֶּען אַרוֹיסְצוּוַוארְפֶען דִיא וָואס
הָאבֶּען דְרִינֶען גֶעקוֹיפְט אוּנְד פֶערְ־
קוֹיפְט:
46 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, עֶס
שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען מֵיין הוֹיז אִיז אֵיין
הוֹיז פוּן גֶעבֶּעט; אָבֶּער אִיהְר הָאט
עֶס גֶעמַאכְט צוּ אֵיין הֵייל פוּן רֵייבֶּער:
47 אוּנְד עֶר הָאט טֶעגְלִיךְ גֶעלֶעהְרְט
אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ. אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים
אוּנְד סוֹפְרִים, אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן
דֶעם פָאלְק הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט אוּמְ־
צוּבְּרֶענְגֶען:
48 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען
וָואס צוּ טְהוּן. וָוארִין דָאס גַאנְצֶע פָאלְק
הָאט זִיךְ אָן אִיהְם בֶּעהֶעפְט אַז זֵייא
זָאלֶען אִיהְם הֶערֶען:

## קאַפּיטעל כ

1 אוּנְד עֶס וַואר אַן אֵיינֶעם פוּן דִיזֶע
טֶעג, וֶוען עֶר הָאט דִיא לֵייט גֶעלֶעהְרְט

אִין דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד הָאט גֶעדְ־
פְּרֶעדִיגְט דָאס עֶוואַנְגֶעלִיוּם, אַזוֹי זֶענֶען
דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא סוֹפְרִים
מִיט דִיא עֶלְצְטֶע צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען:
2 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶערֶעט,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זָאג אוּנְס דוּרְךָ
וֶועלְכֶער מַאכְט טְהוּסְט דִיא דִיזֶע
זַאכֶען, אָדֶער וֶוער אִיז דָאס וָואס
הָאט דִיר דִיזֶע מַאכְט גֶעגֶעבֶּען:
3 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אֵייךְ
אוֹיךְ אֵיין זַאךְ פְּרֶעגֶען אוּנְד זָאגְט עֶס
מִיר:
4 וַואר דִיא טוֹיפֶע פוּן יוֹחָנָן פוּם
הִימֶעל אָדֶער פוּן מֶענְשֶׁען:
5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעדְ־
רֶעט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוען מִיר
וֶועלֶען זָאגֶען פוּם הִימֶעל, וֶועט עֶר
זָאגֶען, וָוארוּם הָאט אִיהְר אִיהְם דֶען
נִיט גֶעגְלוֹיבְּט:
6 אוּנְד וֶוען מִיר וֶועלֶען זָאגֶען פוּן
מֶענְשֶׁען, אַזוֹי וֶועט אוּנְס דָאס גַאנְצֶע
פָאלְק פֶערְשְׁטֵיינֶען. וָוארִין זֵייא הָאבֶּען
גֶעגְלוֹיבְּט אַז יוֹחָנָן וַואר אֵיין נָבִיא:
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטפֶערְט אַז
זֵייא וֵוייסֶען נִיט פוּן וַואנֶען:
8 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אַזוֹי וֶועל אִיךְ אֵייךְ אוֹיךְ נִיט זָאגֶען
דוּרְךָ וֶועלְכֶע מַאכְט אִיךְ טְהוּא דִיזֶע
זַאכֶען:
9 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּם
פָאלְק דָאס מָשָׁל צוּ זָאגֶען, אֵיין מַאן
הָאט גֶעפְלַאנְצְט אֵיין וֵויינְגָארְטֶען, אוּנְד
הָאט אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ וֵויינְ־
גֶערְטְנֶער, אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעפָארֶען אוֹיף
אֵיינֶע לַאנְגֶע צֵייט:
10 אוּנְד צוּ דֶער פְרוּכְטצֵייט הָאט עֶר
גֶעשִׁיקְט אֵיין קְנֶעכְט צוּ דִיא וֵויינְגֶערְטְ־
נֶער, אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם גֶעבֶּען פוּן
דִיא פְרוּכְט פוּן זֵיין גָארְטֶען. אָבֶּער דִיא
וֵויינְגֶערְטְנֶער הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם לֵיידִיג אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט:
11 אוּנְד עֶר הָאט וִוידֶער אֵיין אַנְדֶערְן
קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען
דֶעם אוֹיךְ גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם לֵיידִיג אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט:
12 אוּנְד עֶר הָאט וִוידֶער גֶעשִׁיקְט אֵיין
דְרִיטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם פֶערְ־
וַואוּנְדֶעט אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶע־
וָוארְפֶען:
13 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר פוּן דֶעם
וֵויינְגָארְטֶען גֶעזָאגְט, וָואס זָאל אִיךְ
טְהוּן? אִיךְ וֶועל שִׁיקֶען מֵיין גֶעלִיבְּטֶען
זוּהְן, טָאמֶער, וֶוען זֵייא וֶועלֶען אִיהְם
זֶעהֶען, וֶועלֶען זֵייא זִיךְ פַאר אִיהְם
פָארְכְטֶען:
14 אָבֶּער וֶוען דִיא וֵויינְגֶערְטְנֶער
הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען
זֵייא צְווִישֶׁען זִיךְ גֶערֶעט אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, דָאס אִיז דֶער יוֹרֵשׁ, קוּמְט,
לָאזֶען מִיר אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען, כְּדֵי
דִיא יְרוּשָׁה זָאל אוּנְזֶער זֵיין:
15 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶע־
וָוארְפֶען פוּן דֶעם וֵויינְגָארְטֶען, אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם אוּמְגֶעבְּרַאכְט; דְרוּם וָואס
וֶועט דֶער הַאר פוּן דֶעם וֵויינְגָארְטֶען
צוּ זֵייא טְהוּן?
16 עֶר וֶועט קוּמֶען אוּנְד וֶועט דִיזֶע
וֵויינְגֶערְטְנֶער אוּמְבְּרֶענְגֶען, אוּנְד וֶועט
דֶעם וֵויינְגָארְטֶען צוּ אַנְדֶערֶע גֶעבֶּען:
אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט,
הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, חָלִילָה:
17 אָבֶּער עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעזֶעהֶען

אוּנד

אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דֶען דָאס וָואס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען? דֶער שְׁטֵיין וָואס דִיא בּוֹילֵייטֶע הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען, דֶער אִיז גֶעוָוארֶען צוּם עֶקְשְׁטֵיין:

18 אִיטְלִיכֶער וָואס פַאלְט אוֹיף דִיזֶען שְׁטֵיין וֶועט צֶערְבְּרָאכֶען וֶוערֶען. אָבֶּער אוֹיף וִיעמֶען עֶר וֶועט פַאלֶען, דֶעם וֶועט עֶר צֶערְמָאלֶען:

19 אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד סוֹפְרִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט צוּ חַאפֶּען אִין דִיזֶער שָׁעָה, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען פַאר דֶעם פָאלְק. וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעוְואוּסְט אַז עֶר הָאט אוֹיף זֵייא דָאס מָשָׁל גֶעזָאגְט:

20 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אָפְּגֶעהִיט, אוּנְד הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשִׁיקְט שְׁפִּיאָנֶען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ פֶערְשְׁטֶעלְט אַז זֵייא זֶענֶען פְרוּם, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אִיהְם חַאפֶּען אִין זֵיינֶע רֵייד, אוּנְד זָאלֶען אִיהְם אִיבֶּערְלִיפֶערְן צוּ דֶער מַאכְט אוּנְד גֶעוַואלְט פוּן דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר:

21 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, רַבִּי, מִיר וִויסֶען אַז דוּא רֶעדְסְט אוּנְד לֶעהְרְסְט רִיכְטִיג, אוּנְד בִּיסְט קֵיינֶעם נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים, נֵייעֶרְט דוּא לֶעהְרְסְט דֶען וֶועג פוּן גָאט אִין דֶער וָואהְרְהֵייט:

22 אִיז עֶס אוּנְס דֶערְלוֹיבְּט מַס צוּ גֶעבֶּען צוּם קֵיסָר, אָדֶער נִיט?

23 אָבֶּער עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען זֵייעֶרֶע לִיסְט, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם פְּרוּפְט אִיהְר מִיךְ?

24 וֵוייזְט מִיר אֵיין גִילְדֶען. וֶועמֶעס צוּרָה אוּנְד אוֹיפְשְׁרִיפְט הָאט עֶס? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, דֶעם קֵיסָר'ס:

25 אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דְרוּם גִיבְּט צוּ דֶעם קֵיסָר וָואס קֶעהְר צוּם קֵיסָר, אוּנְד צוּ גָאט, וָואס קֶעהְר צוּ גָאט:

26 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט חַאפֶּען אִין זֵיינֶע רֵייד פַאר דֶעם פָאלְק, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער זֵיינֶע עֶנְטְפֶער, אוּנְד הָאבֶּען שְׁטִיל גֶעשְׁווִיגֶען:

27 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא צַדוּקִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, וָואס זָאגֶען אַז עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנְדֶען קֵיין תְּחִיַית הַמֵתִים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט:

28 רַבִּי, מֹשֶׁה הָאט אוּנְס גֶעשְׁרִיבֶּען, וֶוען אֵיין בְּרוּדֶער וָואס הָאט אֵיין וַוייבּ, וֶועט שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד עֶר שְׁטַארְבְּט אָהְן קִינְדֶער, אַזוֹי זָאל זֵיין בְּרוּדֶער דָאס וַוייבּ נֶעמֶען אוּנְד זָאל אוֹיפְשְׁטֶעלֶען קִינְדֶער צוּ זֵיין בְּרוּדֶער:

29 נוּן דָא וַוארֶען זִיבֶּען בְּרִידֶער. אוּנְד דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט אֵיין וַוייבּ גֶענוּמֶען, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אָהְן קִינְדֶער:

30 אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער הָאט גֶענוּמֶען דָאס וַוייבּ, אוּנְד אִיז אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען אָהְן קִינְדֶער:

31 אוּנְד דֶער דְרִיטֶער הָאט זִיא גֶענוּמֶען, אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ אַלֶע זִיבֶּען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען קֵיינֶע קִינְדֶער נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, אוּנְד זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען:

32 אוּנְד צוּם לֶעצְטֶען פוּן אַלֶע אִיז דָאס וַוייבּ אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען:

33 דְרוּם בֵּייא תְּחִיַית הַמֵתִים, וֶועמֶעס וַוייבּ וֶועט זִיא זֵיין צְווִישֶׁען זֵייא; וָוארִין אַלֶע זִיבֶּען הָאבֶּען זִיא גֶעהַאט פַאר אֵיין וַוייבּ:

34 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד

הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דִיא קִינְדֶער
פוּן דִיזֶער וֶועלְט טְהוּן הֵייַראטֶען אוּנְד
וֶוערֶען פֶערְהֵייַראטֶעט :
35 אָבֶּער דִיא וָואס זֶענֶען וֶוערְט יֶענֶע
וֶועלְט צוּ הָאבֶּען אוּנְד תְּחִיַּת הַמֵּתִים,
דִיא טְהוּן נִיט הֵייַראטֶען, אוּנְד וֶוערֶען
נִיט פֶערְהֵייַראטֶעט :
36 אוּנְד זֵייא קֶענֶען אוֹיךְ נִיט מֶעהְר
שְׁטַארְבֶּען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען גְלֵייךְ צוּ
דִיא מַלְאָכִים, אוּנְד זֶענֶען דִיא קִינְדֶער
פוּן גָאט, וֵוייל זֵייא זֶענֶען דִיא קִינְדֶער
פוּן תְּחִיַּת הַמֵּתִים :
37 אוּנְד דָאס דִיא טוֹיטֶע וֶועלֶען
אוֹיפְשְׁטֵיין, הָאט אֲפִילוּ מֹשֶׁה גֶעוִויזֶען
אִים דָארְנְבּוּשׁ, וֶוען עֶר רוּפְט דֶעם
הַאר גָאט, דֶעם גָאט פוּן אַבְרָהָם,
אוּנְד דֶעם גָאט פוּן יִצְחָק, אוּנְד דֶעם
גָאט פוּן יַעֲקֹב :
38 וָוארִין עֶר אִיז נִיט דֶער גָאט פוּן
דִיא טוֹיטֶע, נֵייעֶרְט פוּן דִיא לֶעבֶּע־
דִיגֶע. וָוארִין אַלֶע לֶעבֶּען צוּ אִיהְם :
39 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא סוֹפְרִים
הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, רַבִּי,
דוּא הָאסְט רֶעכְט גֶעזָאגְט :
40 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט מֶעהְר
גֶעוָואגְט אִיהְם עֶפֶּעס צוּ פְרֶעגֶען :
41 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וִויא אַזוֹי זָאגֶען זֵייא, אַז מָשִׁיחַ אִיז
דֶער זוּהְן פוּן דָוִד ?
42 וָוארִין דָוִד אַלֵיין זָאגְט אִין סֵפֶר
תְּהִלִּים, דֶער הַאר גָאט הָאט גֶעזָאגְט
צוּ מֵיין הַאר, זֶעץ דוּא דִיךְ צוּ מֵיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד :
43 בִּיז אִיךְ וֶועל מַאכֶען דֵיינֶע פֵיינְד
פַאר אֵיין פוּסְשְׁטוּהְל צוּ דֵיינֶע פִיס :
44 דְרוּם וֶוען דָוִד רוּפְט אִיהְם הַאר,
וִויא אַזוֹי אִיז עֶר דֶען זֵיין זוּהְן ?
45 אוּנְד וֶוען דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט
גֶעהֶערְט, הָאט עֶר צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים
גֶעזָאגְט :
46 הִיט אֵייךְ פַאר דִיא סוֹפְרִים, וָואס
הָאבֶּען גֶערְן אַרוּמְצוּגֵיין אִין לַאנְגֶע
קְלֵיידֶער, אוּנְד הָאבֶּען לִיבּ גֶעגְרִיסְט צוּ
וֶוערֶען אִין דִיא גַאסֶען, אוּנְד אוֹיבֶּען אָן
צוּ זִיצֶען אִין דִיא שׁוּלֶען, אוּנְד אוֹיבֶּען
אָן צוּ זִיצֶען אוֹיף סְעוּדוֹת :
47 וָואס טְהוּן אֵיינְשְׁלִינְגֶען דִיא הֵייזֶער
פוּן אַלְמָנוֹת, אוּנְד זֶענֶען לַאנְג מִתְפַּלֵּל
פַאר אֵיין אוֹיסְרֵייד : דִיזֶע וֶועלֶען עֶנְט־
פַאנְגֶען אֵיין גְרֶעסֶערֶעס מִשְׁפָּט :

## קאפיטעל כא

1 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעזֶעהֶען,
אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען רֵייכֶע לֵייט וָואס
הָאבֶּען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען זֵייעֶרֶע נְדָבוֹת
אִין דֶעם אוֹצָר אַרֵיין :
2 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעזֶעהֶען
אֵיינֶע אָרֶעמֶע אַלְמָנָה וָואס הָאט דָארְ־
טֶען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען צְוֵוייא פְּרוּטוֹת :
3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ זָאג
אֵייךְ אִין דֶער וָואהְרְהֵייט, אַז דִיזֶע
אָרֶעמֶע אַלְמָנָה הָאט מֶעהְר אַרֵיינְגֶע־
וָוארְפֶען וִויא אַלֶע :
4 וָוארִין אַלֶע דִיזֶע הָאבֶּען אַרֵיינְגֶע־
וָוארְפֶען צוּ דֶער נְדָבָה פוּן גָאט פוּן
דֶעם וָואס זֵייא הָאבֶּען אִיבְּרִיג, אָבֶּער
זִיא הָאט פוּן אִיהְרֶע אָרֶעמְקֵייט אַרֵיינְ־
גֶעוָוארְפֶען אַלֶעס וָואס זִיא הָאט
גֶעהַאט :
5 אוּנְד וֶוען עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶערֶעט
פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, וִויא עֶס אִיז
גֶעצִירְט מִיט גוּטֶע שְׁטֵיינֶער אוּנְד מִיט
גֶעשֶׁענְק, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט :
6 דָאס וָואס אִיהְר זֶעהְט, עֶס וֶועלֶען
קוּמֶען דִיא טֶעג, וֶוען אֵיין שְׁטֵיין וֶועט



ניט

נִיט אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן,
וָואס וֶועט נִיט צֶערְוָוארְפֶען וֶוערֶען׃
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, רַבִּי, וֶוען וֶועט
דָאס זֵיין? אוּנְד וָואס אִיז דָאס צֵייכֶען
וֶוען דִיזֶע זַאכֶען וֶועלֶען גֶעשֶׁעהֶען?
8 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הִיט אֵייךְ
אַז אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְפִירְט וֶוערֶען,
וָוארִין פִילֶע וֶועלֶען קוּמֶען אִין מֵיין
נָאמֶען, אוּנְד וֶועלֶען זָאגֶען, אִיךְ בִּין
דָאס, אוּנְד דִיא צֵייט אִיז נָאהְנְט. דְרוּם
גֵייט זֵייא נִיט נָאךְ׃
9 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט הֶערֶען פוּן
מִלְחָמוֹת אוּנְד אוּנְרוּהִיגֶע צֵייטֶען, אַזוֹי
דֶערְשְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט. וָוארִין דִיזֶע
זַאכֶען מוּסֶען צוּעֶרְשְׁט גֶעשֶׁעהֶען;
אָבֶּער דֶער סוֹף אִיז נִיט בַּאלְד׃
10 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט, אֵיין פָאלְק וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין
קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן פָאלְק, אוּנְד אֵיין
קֶענִיגְרֵייךְ קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן קֶענִיגְ־
רֵייךְ׃
11 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין גְרוֹיס עֶרְד־
צִיטֶערְנִים אִין פֶערְשִׁידֶענֶע עֶרְטֶער,
אוּנְד הוּנְגֶער אוּנְד פֶּעסְט. אוּנְד עֶס
וֶועלֶען זֵיין פִירְכְטֶערְלִיכֶע אוּנְד גְרוֹיסֶע
צֵייכֶען פוּן הִימֶעל׃
12 אוּנְד בֶּעפָאר אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען
וֶועלֶען זֵייא דִיא הֶענְד אוֹיף אֵייךְ
לֵייגֶען, אוּנְד וֶועלֶען אֵייךְ פֶערְפָאלְגֶען,
אוּנְד וֶועלֶען אֵייךְ אִיבֶּערְלִיפֶערְן אִין
דִיא שׁוּלֶען אַרֵיין, אוּנְד אִין דִיא תְּפִיסוֹת
אַרֵיין, אוּנְד אִיהְר וֶועט גֶעפִיהְרְט
וֶוערֶען פַאר מְלָכִים אוּנְד גוּבֶּערְנַאטָארְס
פוּן מֵיין נָאמֶענְס וֶועגֶען׃
13 אוּנְד דָאס וֶועט אֵייךְ וִוידֶערְ־
פָאהֶרֶען פַאר אֵיין צֵייגְנִיס׃
14 דְרוּם נֶעמְט עֶס אֵייךְ צוּם הַארְ־
צֶען, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט פְרִיהֶר זָארְגֶען
וִויא אַזוֹי אִיהְר זָאלְט אֵייךְ פֶערְ־
עֶנְטְפֶערְן׃
15 וָוארִין אִיךְ וֶועל אֵייךְ גֶעבֶּען אֵיין
מוֹיל אוּנְד חָכְמָה, וָואס אַלֶע אֵיירֶע
שׂוֹנְאִים וֶועלֶען אֵייךְ נִיט קֶענֶען וִוידֶערְ־
שְׁפְּרֶעכֶען אוּנְד וִוידֶערְשְׁטֵיין׃
16 אוּנְד אִיהְר וֶועט אוֹיךְ אִיבֶּערְגֶע־
לִיפֶערְט וֶוערֶען דוּרְךְ אֵיירֶע עֶלְטֶערְן,
אוּנְד בְּרִידֶער, אוּנְד קְרוֹבִים, אוּנְד
פְרֵיינְד, אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן אֵייךְ וֶועלֶען
זֵייא לָאזֶען אוּמְבְּרֶענְגֶען׃
17 אוּנְד אִיהְר וֶועט בֵּייא אַלֶע גֶע־
הַאסְט וֶוערֶען, וֶועגֶען מֵיין נָאמֶען׃
18 אָבֶּער אֵיין הָאר פוּן אֵייעֶר קָאפּ
וֶועט אוֹיךְ נִיט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען׃
19 אִין אֵיירֶע גֶעדוּלְד דֶערְהַאלְט
אֵיירֶע נְשָׁמוֹת׃
20 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט זֶעהֶען יְרוּשָׁלַיִם
בֶּעלַאגֶערְט מִיט חַיָלוֹת, דֶענְסְטְמָאל
זָאלְט אִיהְר וִויסֶען, אַז אִיהְר פֶערְ־
וִויסְטֶעְנִים אִיז נָאהְנְט׃
21 דֶענְסְטְמָאל לָאזֶען דִיא וָואס זֶענֶען
אִין יְהוּדָה עֶנְטְלוֹיפֶען צוּ דִיא בֶּערְג,
אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶעם לַאנְד,
לָאזֶען זֵייא דְרִינֶען נִיט אַרֵיינְקוּמֶען׃
22 וָוארִין דָאס זֶענֶען דִיא טֶעג פוּן
נְקָמָה, דָאס אַלֶעם וָואס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען
זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען׃
23 אוּנְד וֵויא צוּ דִיא וָואס זֶענֶען
שְׁוַואנְגֶער, אוּנְד וָואס גֶעבֶּען צוּ זֵייגֶען
אִין דִיזֶע טֶעג. וָוארִין עֶס וֶועט זֵיין
אֵיינֶע גְרוֹיסֶע נוֹיט אִים לַאנְד, אוּנְד
אֵיין גְרִימְצָארְן אִיבֶּער דִיזֶען פָאלְק׃
24 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען פַאלֶען דוּרְךְ דֶער
שַׁארְףְ פוּן דֶעם שְׁוֶוערְט, אוּנְד וֶועלֶען

פֶערְטְרִיבֶּען וֶוערֶען צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער.
אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם וֶועט צֶערְטְרֶעטֶען וֶוערֶען
פוּן דִיא גוֹיִם. בִּיז דִיא צֵייטֶען פוּן
דִיא גוֹיִם וֶועלֶען דֶערְפִילְט וֶוערֶען:
25 אוּנְד דָא וֶועלֶען זַיין צֵייכֶען אִין
דֶער זוּן, אוּנְד אִין דֶער לְבָנָה, אוּנְד
אִין דִיא שְׁטֶערְן, אוּנְד אוֹיף דֶער עֶרְד
צָרוֹת פוּן פֶעלְקֶער מִיט דֶערְשְׁרֶעקְנִיס,
אוּנְד דָאס יַם אוּנְד דִיא אִינְדֶען וֶועלֶען
שְׁטוּרְמֶען:
26 אוּנְד דִיא נְשָׁמוֹת וֶועלֶען דִיא
מֶענְשֶׁען אוֹיסְגֵיין פַאר פוּרְכְט, אוּנְד
פַאר וַוארְטֶען אוֹיף דִיא זַאכֶען וָואס
וֶועלֶען גֶעשֶׁעהֶען אִין דֶער וֶועלְט, וָוארִין
דִיא מַאכְט פוּן הִימֶעל וֶועט זִיךְ בֶּע־
וֶועגֶען:
27 אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶועלֶען זַייא זֶעהֶען
דֶעם בֶּן־אָדָם קוּמֶען אִין אֵיין וָואלְקֶען
מִיט מַאכְט אוּנְד מִיט כָּבוֹד:
28 אוּנְד וֶוען דִיזֶע זַאכֶען וֶועלֶען אָנְ־
הֵייבֶּען צוּ גֶעשֶׁעהֶען, אַזוֹי זֶעהְט אַרוֹיף,
אוּנְד הֵייבְּט אוֹיף אֵיירֶע קֶעפּ. וָוארִין
אֵיירֶע גְאוּלָה אִיז נָאהֶנְט:
29 אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעזָאגְט אֵיין
מָשָׁל, זֶעהְט אָן דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים אוּנְד
אַלֶע בֵּיימֶער:
30 וֶוען זַייא שְׁפְּרָאצֶען שׁוֹין אַרוֹיס,
אַזוֹי זֶעהְט אִיהְר אוּנְד ווייסְט בַּייא
אֵייךְ אַז דֶער זוּמֶער אִיז שׁוֹין נָאהֶנְט:
31 אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ אִיהְר, וֶוען אִיהְר
וֶועט זֶעהֶען אַז אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען גֶע־
שֶׁעהֶען, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר ווִיסֶען אַז
דָאס קֶענִיגְרֵייךְ אִיז נָאהֶנְט:
32 פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז דָאס
דָאזִיגֶע גֶעשְׁלֶעכְט וֶועט נִיט פֶערְבֵּייא
גֵיין, בִּיז אַלֶעס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען:
33 הִימֶעל אוּנְד עֶרְד וֶועלֶען פֶערְגֵיין,
אָבֶער מֵיינֶע רֵייד וֶועלֶען נִיט פֶערְגֵיין:
34 אָבֶער הִיט אֵייךְ, דָאס אֵיירֶע
הֶערְצֶער זָאלֶען נִיט שְׁוֶוער זַיין מִיט
פְרֶעסֶען אוּנְד זוֹיפֶען, אוּנְד מִיט דִיא
זָארְגֶען פוּן דִיזֶען לֶעבֶּען, אוּנְד אַזוֹי
וֶועט דִיזֶער טָאג פְּלוּצְלוּנְג אוֹיף אֵייךְ
קוּמֶען:
35 וָוארִין עֶר וֶועט קוּמֶען אַזוֹי ווִיא
אֵיינֶע שְׁטְרוּיכְלוּנְג אִיבֶּער אַלֶע דִיא
וָואס ווְאוֹינֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד:
36 דְרוּם וַואכְט אִיהְר אוּנְד בֶּעט אַלֶע
צֵייט, אַז אִיהְר זָאלְט וֶוערְט זַיין צוּ
עֶנְטְרִינֶען דָאס אַלֶעס וָואס וֶועט גֶע־
שֶׁעהֶען, אוּנְד צוּ שְׁטֵיין פַאר דֶעם
בֶּן־אָדָם:
37 אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט יֶעדֶען
טָאג אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנְד יֶעדֶע
נַאכְט אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט
אִיבֶּערְגֶענֶעכְטִיגְט אוֹיף דֶעם בַּארְג וָואס
וֶוערְט גֶערוּפֶען דֶער הַר הַזֵּיתִים:
38 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז צוּ
אִיהְם גֶעקוּמֶען גַאנְץ פְרִיה אִין בֵּית
הַמִּקְדָּשׁ אַרֵיין, זַייא זָאלֶען אִיהְם הֶערֶען:

## קאפיטעל כב

1 אוּנְד דֶער יוֹם טוֹב, חַג הַמַּצּוֹת,
אִיז נָאהֶנְט גֶעקוּמֶען, וָואס וֶוערְט אָנְ־
גֶערוּפֶען פֶּסַח:
2 אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא
סוֹפְרִים הָאבֶּען גֶעזוּכְט ווִיא אַזוֹי זַייא
זָאלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען. וָוארִין זַייא
הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען פַאר דֶעם
פָאלְק:
3 אוּנְד דֶער שָׂטָן אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
אִין יְהוּדָה, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען אִישׁ־
קְרִיּוֹת, אוּנְד עֶר וַואר אֵיינֶער פוּן דִיא
צְוֶועלְף:
4 אוּנְד עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד

הָאט גֶערֶעט מִיט דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים
אוּנְד דִיא הויפְּטלַייט, וִויא אַזוֹי עֶר
זָאל אִיהְם צוּ זֵייא אִיבֶּערְעֶנְטפֶערְן:
5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְרֵייט,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם צוּגֶעזָאגְט גֶעלְד צוּ
גֶעבֶּען:
6 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא צוּגֶעזָאגְט, אוּנְד
הָאט אָפְּגֶעוַוארְט אֵיינֶע גוּטֶע צֵייט אַז
עֶר זָאל אִיהְם צוּ זֵייא אִיבֶּערְעֶנְטפֶערְן,
וֶוען דָאס פָאלְק אִיז נִיט מִיט אִיהְם:
7 אוּנְד דֶער טָאג פוּן מַצּוֹת אִיז גֶעקוּמֶען, וֶועז מֶען מוּז מַקְרִיב זֵיין דָאס
קָרְבָּן פֶּסַח:
8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט פֶּעטְרוּס
אוּנְד יוֹחָנָן, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, גֵייט
אוּנְד גְרֵייט אָן פַאר אוּנְס דָאס קָרְבָּן
פֶּסַח, אַז מִיר זָאלֶען עֶס עֶסֶען:
9 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אַווְאוּ ווִילְסְט דוּא אַז מִיר זָאלֶען עֶס
אָנְגְרֵייטֶען?
10 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
זֶעהְט, וֶוען אִיהְר וֶועט קוּמֶען אִין דִיא
שְׁטָאט אַרֵיין, אַזוֹי וֶועט אֵייךְ בֶּעגֶעגְנֶען
אֵיין מַאן וָואס טְרָאגְט אֵיין קְרִיג מִיט
וַואסֶער. פָאלְגְט אִיהְם נָאךְ צוּ דֶעם
הויז וְואוּ עֶר גֵייט אַרֵיין:
11 אוּנְד זָאגְט צוּ דֶעם בַּעַל הַבַּיִת,
דֶער רַבִּי לָאזְט דִיר זָאגֶען, אַווְאוּ אִיז
דָאס צִימֶער, וְואוּ אִיךְ זָאל עֶסֶען דָאס
קָרְבָּן פֶּסַח מִיט מֵיינֶע תַּלְמִידִים?
12 אוּנְד עֶר וֶועט אֵייךְ וַוייזֶען אֵיינֶע
גְרוֹיסֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע שְׁטוּבּ אוֹיסְגֶעצִירְט.
דָארְטֶען גְרֵייט אָן:
13 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעפוּנֶען אַזוֹי וִויא עֶר הָאט
גֶעזָאגְט. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעגְרֵייט
דָאס קָרְבָּן פֶּסַח:

14 אוּנְד וֶוען דִיא צֵייט אִיז גֶעקוּמֶען,
הָאט עֶר זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט, אוּנְד דִיא
צְוֶועלְף אַפָּאסְטֶעלְם מִיט אִיהְם:
15 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיךְ הָאבּ זֶעהְר פֶערְלַאנְגְט דִיזֶעס
קָרְבָּן פֶּסַח מִיט אֵייךְ צוּ עֶסֶען, אֵיידֶער
אִיךְ טְהוּא לֵיידֶען:
16 וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז אִיךְ וֶועל
נִיט מֶעהְר דֶערְפוּן עֶסֶען, בִּיז עֶס וֶועט
דֶערְפִילְט וֶוערֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט:
17 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דֶעם כּוֹס,
אוּנְד הָאט גֶעדַאנְקְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, נֶעמְט דָאס, אוּנְד פֶערְטֵיילְט עֶס
צְוִוישֶׁען אֵייךְ:
18 וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז אִיךְ וֶועל
נִיט מֶעהְר טְרִינְקֶען פוּן דֶער פְּרוּכְט
פוּן דֶעם ווַיינְשְׁטָאק, בִּיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן גָאט וֶועט קוּמֶען:
19 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען בְּרוֹיט,
אוּנְד הָאט גֶעדַאנְקְט, אוּנְד הָאט עֶס
צֶערְבְּרָאכֶען. אוּנְד הָאט עֶס צוּ זֵייא
גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז
מֵיין לֵייבּ, וָואס וֶוערְט פַאר אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען טְהוּט דָאס צוּ מֵיין גֶעדֶעכְטְנִיס:
20 אַזוֹי אוֹיךְ דֶעם כּוֹס נָאךְ דֶעם
אָבֶּענְדְמָאל; אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
דִיזֶער כּוֹס אִיז דָאס נֵייעֶ טֶעסְטַאמֶענְט
אִין מֵיין בְּלוּט, וָואס וֶוערְט פֶערְגָאסֶען
פַאר אֵייךְ:
21 אָבֶּער זֶעהְט, דִיא הַאנְד פוּן אִיהְם
וָואס טְהוּט מִיךְ פֶערְרָאטֶען אִיז מִיט
מִיר אִיבֶּער דֶעם טִישׁ:
22 דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט גֵיין אַזוֹי וִויא
עֶס אִיז בֶּעשְׁטִימְט גֶעוָוארֶען. אָבֶּער
וֵויא צוּ דֶעם מֶענְשׁ דוּרְךְ וֶועלְכֶען עֶר
וֶוערְט פֶערְרָאטֶען:

אונד

23 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען
צְווִישֶׁען זִיךְ צוּ פְרֶעגֶען, וֶועלְכֶער פוּן
זֵייא דָאס זָאל זֵיין וָואס וֶועט דָאס
טְהוּן:
25 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
דִיא מְלָכִים פוּן דִיא פֶעלְקֶער הֶערְשֶׁען
אִיבֶּער זֵייא, אוּנְד דִיא וָואס גֶעוֶועלְטִיגֶען
אִיבֶּער זֵייא הֵייסֶען וְואוֹילְטהֶעטֶער:
26 אָבֶּער זֵייט אִיהְר נִיט אַזוֹי, נֵייעֶרְט
דֶער גְרֶעסְטֶער צְווִישֶׁען אֵייךְ זָאל זֵיין
אַזוֹי וִויא דֶער יוּנְגְסְטֶער. אוּנְד דֶער
גֶעוֶועלְטִיגֶער אַזוֹי וִויא דֶער בֶּעדִינֶער:
27 וָוארִין וֶוער אִיז גְרֶעסֶער, דֶער
וָואס זִיצְט בֵּיים טִישׁ, אָדֶער דֶער וָואס
בֶּעדִינְט? אִיז עֶס נִיט דֶער וָואס זִיצְט
בֵּיים טִישׁ? אָבֶּער אִיךְ בִּין צְווִישֶׁען
אֵייךְ וִויא אֵיין מְשָׁרֵת:
28 אָבֶּער אִיהְר זֶענְט דִיא וָואס זֶענֶען
מִיט מִיר גֶעבְּלִיבֶּען אִין מֵיינֶער פְּרִיפוּנְג:
29 אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען
אֵיין קֶענִיגְרֵייךְ, אַזוֹי וִויא מֵיין פָאטֶער
הָאט מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען:
30 אַז אִיהְר זָאלְט עֶסֶען אוּנְד
טְרִינְקֶען בֵּייא מֵיין טִישׁ אִין מֵיין
קֶענִיגְרֵייךְ, אוּנְד זָאלְט זִיצֶען אוֹיף
שְׁטוּהְלֶען, אוּנְד רִיכְטֶען דִיא צְוֶועלְף
שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל:
31 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט,
שִׁמְעוֹן, שִׁמְעוֹן, זֶעה, דֶער שָׂטָן הָאט
אֵייךְ בֶּעגֶערְט צוּ הָאבֶּען, אַז עֶר זָאל
אֵייךְ זִיפֶּען וִויא ווייץ:
32 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ פַאר דִיר גֶעבֶּעטֶען,
אַז דֵיין גְלוֹיבֶּען זָאל דִיר נִיט פֶעהְלֶען.
אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט תְּשׁוּבָה טְהוּן,
אַזוֹי שְׁטַארְק דֵיינֶע בְּרִידֶער:
33 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
הַאר, אִיךְ בִּין בֶּערֵייט מִיט דִיר אִין
גֶעפֶענְקְנִיס אַרֵיינְצוּגֵיין, אוּנְד אוֹיךְ צוּם
טוֹיט:
34 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ זָאג
דִיר, פֶּעטְרוֹס, דֶער הָאן וֶועט הֵיינְט
נִיט קְרֵייעֶן, אֵיידֶער דוּא וֶועסְט דְרֵייא
מָאל אָפְּלֵייקֶענֶען אַז דוּא קֶענְסְט מִיךְ
נִיט:
35 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וֶוען אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט אָהְן אֵיין
בֵּייטֶעל, אוּנְד אָהְן אֵיין זַאק אוּנְד אָהְן
שִׁיךְ, הָאט אֵייךְ עֶפֶּעס גֶעפֶעהְלְט? אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט גָאר נִיט:
36 אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אָבֶּער אַצוּנְד, וֶוער עֶס הָאט אֵיין בֵּייטֶעל,
לָאז עֶר אִיהְם מִיט נֶעמֶען, אוּנְד אַזוֹי
אוֹיךְ אֵיין זַאק. אוּנְד וֶוער עֶס הָאט נִיט
קֵיין שְׁוֶוערְד, לָאז עֶר זֵיין קְלֵייד פֶערְ־
קוֹיפֶען, אוּנְד לָאז עֶר זִיךְ אֵיינְס קוֹיפֶען:
37 וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז דָאס מוּז
נָאךְ דֶערפִילְט וֶוערֶען אִין מִיר, וָואס
שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּנְד עֶר וַואר גֶע־
רֶעכֶענְט צְווִישֶׁען דִיא אוּמְגֶערֶעכְטֶע.
וָוארִין דָאס וָואס אָן מִיר אָנְבֶּעלַאנְגְט
וֶוערְט גֶעעֶנְדִיגְט:
38 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, הַאר,
דָא זֶענֶען צְווייא שְׁוֶוערְדֶען הִיר. אוּנְד
עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גֶענוּג:
39 אוּנְד עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
אִיז גֶעקוּמֶען, וִויא זֵיינֶע גֶעוָוהְנְהֵייט
וַואר, צוּם הַר הַזֵיתִים. אוּנְד זֵיינֶע
תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט:
40 וֶוען עֶר וַואר אוֹיף דִיזֶען אָרְט,
אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֵייט
מִתְפַּלֵל אַז אִיהְר זָאלְט נִיט קוּמֶען אִין
קֵיינֶע פְּרִיפוּנְג:
41 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ פוּן זֵייא אָפְּגֶעְ־
שֵׁיידֶעט, אַזוֹי וֵוייט וִויא מֶען קֶען אֵיין


שְׁטֵיין

שְׁטֵיין וַוארְפֶען, אוּנְד עֶר הָאט אַנִידֶערְ־
גֶעקְנִיעֶט אוּנְד מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזֶען׃
42 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פָאטֶער,
וֶוען דוּא ווִילְסְט, נֶעם אַוֶועק דִיזֶען כּוֹס
פוּן מִיר. דָאךְ נִיט מֵיין ווִילֶען, נֵייעֶרְט
דֵיין ווִילֶען זָאל גֶעשֶׁעהֶען׃
43 אוּנְד אֵיין מַלְאָךְ פוּן הִימֶעל הָאט
זִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעווִיזֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם
גֶעשְׁטַארְקְט׃
44 אוּנְד וֶוען עֶר וַואר אִין גְרוֹיס צַעַר
אַזוֹי הָאט עֶר עֶרְנְסְטֶער גֶעבֶּעטֶען. אוּנְד
זֵיין שְׁווַייס אִיז אַרוּפְגֶעפַאלֶען צוּ דֶער
עֶרְד אַזוֹי ווִיא גְרוֹיסֶע טְרָאפֶּען פוּן
בְּלוּט׃
45 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז פוּן דֶעם גֶעבֶּעט
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ
זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאט זֵייא גֶע־
פוּנֶען שְׁלָאפֶען פַאר צַעַר׃
46 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וָוארוּם שְׁלָאפְט אִיהְר? שְׁטֵייט אוֹיף
אוּנְד זֵייט מִתְפַּלֵל, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט
קוּמֶען אִין קֵיינֶע פְּרִיפוּנְג׃
47 ווַייל עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט, אַזוֹי
אִיז אֵיין פָאלְק גֶעקוּמֶען, אוּנְד אֵיינֶער
פוּן דִיא צְוֶועלְף וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען
יְהוּדָה, אִיז פָאר זֵייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
עֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאהְנְט צוּ יֵשׁוּעַ אַז
עֶר זָאל אִיהְם קִישֶׁען׃
48 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, יְהוּדָה, טְהוּסְט דוּא דֶעם בֶּן־אָדָם
פֶערְרָאטֶען מִיט אַ קִישׁ׃
49 וֶוען דִיא וָואס וַוארֶען מִיט אִיהְם
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וָואס עֶס וֶועט גֶע־
שֶׁעהֶען, הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
הַאר, זָאלֶען מִיר שְׁלָאגֶען מִיט דֶעם
שְׁווֶערְד׃
50 אוּנְד אֵיינֶער פוּן זֵייא הָאט גֶע־
שְׁלָאגֶען דֶעם קְנֶעכְט פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל,
אוּנְד הָאט אִיהְם דָאס רֶעכְטֶע אוֹיעֶר
אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען׃
51 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, לָאזְט עֶס אַזוֹי
ווַייט זֵיין. אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם דָאס
אוֹיעֶר אָנְגֶערִירְט, אוּנְד הָאט אִיהְם
גֶעהֵיילְט׃
52 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
רָאשֵׁי כֹּהֲנִים, אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע
פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנְד דִיא
עֶלְצְטֶע. וָואס זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען,
זֵייט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען ווִיא אִיבֶּער
אֵיין רוֹיבֶּער, מִיט שְׁווֶערְדֶען אוּנְד מִיט
שְׁטֶעקֶענְס?
53 וֶוען אִיךְ וַואר מִיט אֵייךְ טֶעגְלִיךְ
אִין דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, הָאט אִיהְר נִיט
דִיא הֶענְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט קֶעגֶען מִיר;
אָבֶּער דָאס אִיז אֵיירֶע שָׁעָה, אוּנְד דִיא
מַאכְט פוּן פִינְסְטֶערְנִיס׃
54 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַוֶועקְגֶעפִירְט, אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אִין הוֹיז אַרֵיין
פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל. אָבֶּער פֶּעטְרוּס
הָאט אִיהְם פוּן ווַייטֶען נָאכְגֶעפָאלְגְט׃
55 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעצִינְדֶען
אֵיין פֵייעֶר אִין מִיטֶען הוֹיף, אוּנְד
הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט, אַזוֹי הָאט
זִיךְ פֶּעטְרוּס צְווִישֶׁען זֵייא גֶעזֶעצְט׃
56 אוּנְד אֵיין מֵיידֶעל הָאט אִיהְם גֶע־
זֶעהֶען זִיצֶען בֵּיים פֵייעֶר, אוּנְד הָאט
אִיהְם אָנְגֶעקוּקְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
דִיזֶער וַואר אוֹיךְ מִיט אִיהְם׃
57 אָבֶּער עֶר הָאט אִיהְם פֶערְלֵייקֶענְט,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, ווַייבּ אִיךְ קֶען
אִיהְם נִיט׃
58 אוּנְד נָאךְ אֵיינֶע ווַיילֶע הָאט אִיהְם

אֵיין אַנְדֶערֶער גֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט אוֹיךְ פוּן זֵייא;
אָבֶּער פֶּעטְרוּס הָאט גֶעזָאגְט, מֶענְשׁ,
אִיךְ בִּין נִיט:
59 אוּנְד אִין דֶער צֵייט פוּן אַ שָׁעָה
דֶערְנָאךְ הָאט אֵיין אַנְדֶערֶער גֶעזָאגְט
מִיט גֶעוִויסְהֵייט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
בֶּאֱמֶת, דִיזֶער וַואר אוֹיךְ מִיט אִיהְם,
וֵוייל עֶר אִיז אוֹיךְ פוּן גָלִיל:
60 אָבֶּער פֶּעטְרוּס הָאט גֶעזָאגְט,
מֶענְשׁ, אִיךְ וֵויים נִיט וָואס דוּא זָאגְסְט;
אוּנְד אַזוֹי בַּאלְד, וֵוייל עֶר הָאט נָאךְ
גֶערֶעט, הָאט דֶער הָאן גֶעקְרֵייעֶט:
61 אוּנְד דֶער הַאר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
אוּנְד הָאט פֶּעטְרוּס אָנְגֶעזֶעהֶען. אוּנְד
פֶּעטְרוּס הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט אָן דִיא
רֵייד פוּן דֶעם הַאר, וִויא עֶר הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, אֵיידֶער דֶער הָאן וֶועט
קְרֵייעֶן, וֶועסְט דוּא מִיךְ דְרֵייא מָאל
פֶערְלֵייקֶענֶען:
62 אוּנְד פֶּעטְרוּס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אוּנְד הָאט בִּיטֶערְלִיךְ גֶעוֵויינְט:
63 אוּנְד דִיא לֵייט וָואס הָאבֶּען יֵשׁוּעַ
גֶעהִיט, הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפָּאט,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען:
64 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם דִיא
אוֹיגֶען פֶערְבּוּנְדֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא
אִיהְם אִיבֶּער דֶעם פָּנִים גֶעשְׁלָאגֶען,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זָאג נְבוּאוֹת, וֶוער דָאס
אִיז וָואס הָאט דִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען:
65 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פִילֶע אַנְדֶערֶע
לֶעסְטֶערוּנְגֶען קֶעגֶען אִיהְם גֶערֶעט:
66 אוּנְד וֶוען עֶס וַואר טָאג, אַזוֹי
הָאבֶּען זִיךְ אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דִיא עֶלְצְטֶע
פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים,
אוּנְד דִיא סוֹפְרִים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ זֵייעֶרֶע סַנְהֶדְרִין,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט:
67 בִּיסְט דוּא דֶער מָשִׁיחַ? זָאג אוּנְס.
אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוען
אִיךְ וֶועל אֵייךְ זָאגֶען, אַזוֹי וֶועט אִיהְר
עֶס נִיט גְלוֹיבֶּען:
68 אוּנְד וֶוען אִיךְ וֶועל אֵייךְ פְרֶעגֶען,
וֶועט אִיהְר מִיר נִיט עֶנְטְפֶערְן, אוּנְד
אִיהְר וֶועט מִיךְ נִיט לוֹיז לָאזֶען:
69 פוּן אַצוּנְד אָן וֶועט דֶער בֶּן־אָדָם
זִיצֶען צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן דֶער
גְבוּרָה פוּן גָאט:
70 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַלֶע גֶעזָאגְט,
בִּיסְט דוּא דֶער זוּהְן פוּן גָאט? אוּנְד
עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר זָאגְט
אַז אִיךְ בִּין:
71 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס
בֶּעדַארְפֶען מִיר נָאךְ מֶעהְר עֵדוּת?
וָוארִין מִיר הָאבֶּען אַלֵיין גֶעהֶערְט פוּן
זֵיין אֵייגֶען מוֹיל:

## קאפיטעל כג

1 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע מַאסֶע זֶענֶען
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
גֶעבְּרַאכְט צוּ פִּילָטוֹס:
2 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעהוֹיבֶּען
צוּ פֶערְקְלָאגֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעפוּנֶען דָאס פָאלְק
פֶערְפִירֶען, אוּנְד עֶר פֶערְבִּיט צוּם קֵיסָר
מַס צוּ גֶעבֶּען, אוּנְד עֶר זָאגְט אַז עֶר
אִיז דֶער מֶלֶךְ הַמָּשִׁיחַ:
3 אוּנְד פִּילָטוֹס הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער
מֶלֶךְ פוּן דִיא יוּדֶען? אוּנְד עֶר הָאט
אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
דוּא זָאגְסְט עֶס:
4 אַזוֹי הָאט פִּילָטוֹס גֶעזָאגְט צוּ דִיא
רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד צוּם פָאלְק, אִיךְ


געפין

גֶעפִּין נִיט קֵיין אוּמְרֶעכְט אִין דִיזֶען
מֶענְשׁ:
5 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נָאךְ שְׁטַארְקֶער
גֶעזָאגְט, עֶר הָאט דִיא לֵייט אוֹיפְגֶע־
הֶעצְט, אוּנְד הָאט גֶעלֶעהְרְט אִים גַאנְ־
צֶען לַאנְד יְהוּדָה, אוּנְד הָאט אָנְגֶע־
פַאנְגֶען פוּן גָלִיל בִּיז אַהֶער:
6 אוּנְד וִויא פִּילָטוּס הָאט גֶעהֶערְט
פוּן גָלִיל, הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט אוֹיב
דֶער מַאן אִיז פוּן גָלִיל:
7 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעוָואר גֶעוָוארֶען
אַז עֶר גֶעהֶערְט צוּ דֶער גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט
פוּן הוֹרְדוּס, אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְם גֶע־
שִׁיקְט צוּ הוֹרְדוּס, וָואס וַואר זֶעלְבְּסְט
אוֹיךְ אִין יְרוּשָׁלַיִם צוּ דִיזֶער צֵייט:
8 אוּנְד וֶוען הוֹרדוּס הָאט יֵשׁוּעַ גֶע־
זֶעהֶען הָאט עֶר זִיךְ זֶעהְר גֶעפְרֵייט.
וָוארִין עֶר הָאט אִיהְם שׁוֹין לַאנְג פֶערְ־
לַאנְגְט צוּ זֶעהֶען, וֵוייל עֶר הָאט פִילֶע
זַאכֶען פוּן אִיהְם גֶעהֶערְט. אוּנְד עֶר
הָאט גֶעהָאפְּט צוּ זֶעהֶען עֶפֶּעס אֵיין
וְואוּנְדֶער זָאל דוּרְךְ אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען:
9 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט פוּן
פִילֶע זַאכֶען, אָפֶּער עֶר הָאט אִיהְם גָאר
נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט:
10 אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא
סוֹפְרִים זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם זֶעהְר שְׁטַארְק אָנְגֶעקְלָאגְט:
11 אוּנְד הוֹרְדוּס מִיט זַיינֶע אָפִיצִירֶען
הָאבֶּען אִיהְם פֶערְשֶׁעמְט אוּנְד אוֹיסְ־
גֶעשְׁפָּאט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אֵיין
גְלֶענְצִיגֶעס קְלֵייד אָנְגֶעטְהוּן, אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם צוּרִיקְגֶעשִׁיקְט צוּ פִּילָטוּס:
12 אוּנְד פִּילָטוּס אוּנְד הוֹרְדוּס זֶענֶען
אִין דִיזֶען טָאג צְוִוישֶׁען זִיךְ פְרֵיינְד גֶעוָוא־
רֶען. וָוארִין פְרִיהְר זֶענֶען זֵייא אִין פֵיינְדְ־
שַׁאפְט גֶעוֶועזֶען אוּנְטֶער אֵיינַאנְדֶער:

13 אוּנְד וֶוען פִּילָטוּס הָאט צוּזַאמֶענְ־
גֶערוּפֶען דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אוּנְד דָאס פָאלְק:
14 אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיהְר הָאט צוּ מִיר דִיזֶען מַאן גֶעבְּרַאכְט
וִויא אֵיין פֶערְפִיהְרֶער פוּן דִיזֶען פָאלְק,
אוּנְד זֶעה, אִיךְ הָאבּ אִיהְם פֶערְהֶערְט
פַאר אֵייךְ, אוּנְד הָאבּ גָאר קֵיין אוּמְ־
רֶעכְט נִיט גֶעפוּנֶען אִין דִיזֶען מֶענְשׁ,
פוּן וֶועגֶען דִיזֶע זַאכֶען וָואס אִיהְר
הָאט אִיהְם אָנְגֶעקְלָאגְט:
15 אוּנְד אַפִילוּ הוֹרְדוּס אוֹיךְ נִיט,
וָוארִין אִיךְ הָאבּ אֵייךְ צוּ אִיהְם גֶע־
שִׁיקְט, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גָאר נִיט
גֶעטְהוּן וָואס אִיז וֶוערְט דֶעם טוֹיט:
16 דְרוּם וֶועל אִיךְ אִיהְם לָאזֶען
שְׁלָאגֶען, אוּנְד וֶועל אִיהְם לוֹיז לָאזֶען:
17 (וָוארִין עֶר הָאט זֵייא גֶעמוּסְט
אֵיינֶעם לוֹיז לָאזֶען אוֹיף יוֹם טוֹב):
18 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַלֶע מִיט אֵיין
מָאל גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
אַוֶועק מִיט דִיזֶען, אוּנְד לָאז אוּנְס
לוֹיז בַּר־אַבָּא:
19 (וָואס וַואר אִין דֶעם גֶעפֶענְקְנִיס
אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וֶועגֶען אֵיין אוֹיפְשְׁטַאנְד
וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִין דֶער שְׁטָאט,
אוּנְד פַאר אַ רְצִיחָה):
20 דָארוּם הָאט פִּילָטוּס וִוידֶער צוּ זֵייא
זֵייא גֶערֶעט, וֵוייל עֶר הָאט גֶעוָואלְט
יֵשׁוּעַ לוֹיז לָאזֶען:
21 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, קְרֵייצִיג אִיהְם, קְרֵייצִיג
אִיהְם:
22 אוּנְד עֶר הָאט דָאס דְרִיטֶע מָאל
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס פַאר אֵיין בֵּייזֶעס
הָאט עֶר דֶען גֶעטְהוּן? אִיךְ הָאבּ אִין
אִיהְם נִיט גֶעפוּנֶען קֵיינֶע אוּרְזַאכֶע פוּן

טויט. דְרוּם װֶעל אִיךְ אִיהְם לָאזֶען
שְׁלָאגֶען, אוּנְד װֶעל אִיהְם לוֹיז לָאזֶען:
23 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען דְרוּיף גֶע־
דְרוּנְגֶען מִיט גְרוֹיסֶע קוֹלוֹת, אוּנְד
הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט אַז עֶר זָאל גֶעקְרֵיי־
צִיגְט װֶערֶען; אוּנְד זֵייעֶרֶע קוֹלוֹת, אוּנְד
דִיא קוֹלוֹת פוּן דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים הָאבֶּען
בֵּייגֶעקוּמֶען:
24 אוּנְד פִּילָטוּס הָאט גֶעמִשְׁפָּט, אַז
עֶס זָאל גֶעשֶׁעהֶען װִיא זַייא הָאבֶּען
פֶערְלַאנְגְט:
25 אוּנְד עֶר הָאט זַייא לוֹיז גֶעלָאזְט
דֶעם װָאס װַאר אִין דֶעם גֶעפֶענְקְנִיס
אַרַיינְגֶעװָארְפֶען פַאר אַיין אוֹיפְשְׁטַאנְד
אוּנְד רְצִיחָה, װֶעלְכֶען זַייא הָאבֶּען פֶערְ־
לַאנְגְט, אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט עֶר אִיבֶּערְ־
גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייעֶר װִילֶען:
26 אוּנְד װֶען זַייא הָאבֶּען אִיהְם אַװֶעקְ־
גֶעפִירְט, הָאבֶּען זַייא אָנְגֶענוּמֶען אֵיינֶעם
שִׁמְעוֹן פוּן קוּרִינִי, װִיא עֶר אִיז גֶע־
קוּמֶען פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד הָאבֶּען
אוֹיף אִיהְם אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט דָאס קְרֵייץ,
אַז עֶר זָאל עֶס טְרָאגֶען נָאךְ יֵשׁוּעַ:
27 אוּנְד אֵיינֶע גְרוֹיסֶע מַאסֶע לֵייט
הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט, אוּנְד
װֵייבֶּער װָאס הָאבֶּען גֶעקְלָאגְט אוּנְד
גֶעטְרוֹיעֶרְט אִיבֶּער אִיהְם:
28 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ צוּ זַייא
אוּמְגֶעקֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, טֶעכְטֶער
פוּן יְרוּשָׁלַיִם, װֵיינְט נִיט אִיבֶּער מִיר,
נֵייעֶרְט װֵיינְט אִיבֶּער אֵייךְ זֶעלְבְּסְט,
אוּנְד אִיבֶּער אֵיירֶע קִינְדֶער:
29 װָארִין זֶעה, דִיא טֶעג קוּמֶען װֶען
מֶען װֶעט זָאגֶען, װְאוֹיל אִיז דִיא אוּמְ־
טְרַאכְטִיגֶע, אוּנְד דִיא לֵייבֶּער װָאס
הָאבֶּען נִיט גֶעװְאוּנֶען, אוּנְד דִיא
בְּרִיסְטֶען װָאס הָאבֶּען נִיט גֶעגֶעבֶּען צוּ
זֵייגֶען:
30 דֶענְסְטְמָאל װֶעלֶען זַייא אָנְהוֹיבֶּען
צוּ זָאגֶען צוּ דִיא בֶּערְג, פַאלְט אִיבֶּער
אוּנְס, אוּנְד צוּ דִיא הוֹיכֶע בֶּערְג, דֶעקְט
אוּנְס צוּ:
31 װָארִין װֶען זַייא טְהוּן דִיזֶע זאכֶען
אִין אַיין גְרִינֶעם בּוֹים, װָאס װֶעט גֶע־
גֶעשֶׁעהֶען אִין דֶעם פֶערְדַארְטֶען?
32 אוּנְד צְװֵייא אַנְדֶערֶע אִיבֶּעלְ־
טְהֶעטֶער װַארֶען אוֹיךְ אַהִין גֶעפִירְט,
אַז זַייא זָאלֶען מִיט אִיהְם אוּמְגֶעבְּרַאכְט
װֶערֶען:
33 אוּנְד װֶען זַייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען
צוּ אַיין אָרְט װָאס װֶערְט אָנְגֶערוּפֶען
גָלְגוֹלֶת, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא אִיהְם דָארְטֶען
גֶעקְרֵייצִיגְט, אוּנְד דִיא רְשָׁעִים, אֵיינֶעם
צוּ זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד דֶעם
אַנְדֶערְן צוּ דֶער לִינְקֶען:
34 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, פָאטֶער,
פֶערְגִיבּ זַייא; װָארִין זַייא װֵייסֶען נִיט
װָאס זַייא טְהוּן אוּנְד זַייא הָאבֶּען זֵיינֶע
קְלֵיידֶער גֶעטֵיילְט, אוּנְד הָאבֶּען גוֹרָל
גֶעװָארְפֶען:
35 אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז גֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד הָאט צוּגֶעזֶעהֶען; אוּנְד דִיא
עֶלְצְטֶע הָאבֶּען אִיהְם מִיט זַייא אוֹיסְ־
גֶעשְׁפָּאט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר
הָאט אַנְדֶערֶע גֶעהָאלְפֶען, לָאז עֶר זִיךְ
אַלֵיין הֶעלְפֶען; װֶען עֶר אִיז דֶער מָשִׁיחַ,
דֶער אוֹיסְדֶערְװֵיילְטֶער פוּן גָאט:
36 אוּנְד דִיא זֶעלְנֶער הָאבֶּען אִיהְם
אוֹיךְ אוֹיסְגֶעשְׁפָּאט, אוּנְד זֶענֶען צוּ
אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
בְּרַאכְט עֶסִיג:
37 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, װֶען
דוּא בִּיסְט דֶער קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען,
אַזוֹי הֶעלְף דִיר אַלֵיין:

38 אוּנְד אֵיינֶע אוֹיפְשְׁרִיפְט וַואר אִיבֶּער
אִיהְם גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט גְרִיכִישֶׁע אוּנְד לַאֲ־
טֵיינִישֶׁע אוּנְד הֶעבְּרֵייאִישֶׁע בּוּכְשְׁטַאבֶּען,
דָאס אִיז דֶער קֶענִיג פוּן דִיא
יוּדֶען׃
39 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא אִיבֶּעלְ־
טֶהֶעטֶער וָואס וַואר גֶעקְרֵייצִיגְט, הָאט
אִיהְם גֶעלֶעסְטֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
וֶוען דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ, אַזוֹי הֶעלְף
דִיר אַלֵיין אוּנְד אוּנְס׃
40 אָבֶּער דֶער אַנְדֶערֶער הָאט גֶע־
עֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶע־
שְׁרִיגֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הָאסְט דוּא
דֶען נִיט מוֹרָא פַאר גָאט, זֶעהֶענְדִיג וְויא
דוּא בִּיסְט אוֹיךְ אִין דֶער נֶעמְלִיכֶער
פֶערְשׁוּלְדִיגוּנְג?
41 אוּנְד מִיר זֶענֶען מִיט רֶעכְט פֶערְ־
שׁוּלְדִיגְט; וָוארִין מִיר עֶנְטפַאנְגֶען דָאס
וָואס אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים הָאבֶּען פֶערְדִינְט.
אָבֶּער דִיזֶער מַאן הָאט גָאר קֵיין אוּמְ־
רֶעכְט נִיט גֶעטְהוּן׃
42 אוּנְד עֶר הָאט צוּ יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט,
הַאר, גֶעדֶענְק אָן מִיר, וֶוען דוּא קוּמְסְט
אַרֵיין אִין דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ׃
43 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
בְּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, הֵיינְט וֶועסְט דוּא
מִיט מִיר זַיין אִין גַּן עֵדֶן׃
44 אוּנְד עֶס וַואר קֶעגֶען דֶער זֶעקְסְטֶער
שָׁעָה, אוּנְד דָא וַואר אַ פִינְסְטֶערְנִיס
אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד בִּיז צוּ דֶער
נֵיינְטֶער שָׁעָה׃
45 אוּנְד דִיא זוּן אִיז פִינְסְטֶער גֶע־
וָוארֶען, אוּנְד דָאס פָּרוֹכֶת פוּן הֵיכָל אִיז
צֶערִיסֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶער מִיטֶען׃
46 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט
אַיין הוֹיךְ קוֹל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
פָאטֶער, אִיךְ בֶּעפֶעל מֵיין גֵייסְט אִין
דֵיינֶע הַאנְד אַרֵיין; אוּנְד וֶוען עֶר הָאט
דָאס גֶעזָאגְט, אִיז עֶר פֶערְגַאנְגֶען׃
47 וְויא דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט גֶעזֶעהֶען
וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גָאט
גֶעלוֹיבְּט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בְּאֱמֶת
דִיזֶער מֶענְשׁ וַואר אֵיין צַדִיק׃
48 אוּנְד אַלֶע לֵייט וָואס זֶענֶען צוּזַאמֶענְ־
גֶעקוּמֶען צוּ דִיזֶער זֶעהוּנְג, וֶוען זֵייא
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען,
הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען אוֹיף דֶער
בְּרוּסְט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט׃
49 אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע פְרֵיינְדֶע, אוּנְד
דִיא וַוייבֶּער וָואס הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶע־
פָאלְגְט פוּן גָלִיל, זֶענֶען פוּן וַוייטֶען גֶע־
שְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאבֶּען דָאס צוּגֶעזֶעהֶען׃
50 אוּנְד דָא וַואר אֵיין מַאן וָואס הָאט
גֶעהֵייסֶען יוֹסֵף, וָואס וַואר אֵיין יוֹעֵץ,
אוּנְד אֵיין גוּטֶער אוּנְד גֶערֶעכְטֶער מַאן׃
51 (דִיזֶער הָאט נִיט בֶּעוִוילִיגְט אִין
זֵיירֶע עֵצָה אוּנְד זֵייעֶר הַאנְדֶעל.) עֶר
וַואר פוּן אֲרִמָתִי, אֵיינֶע יוּדִישֶׁע שְׁטָאט,
אוּנְד הָאט אַלֵיין אוֹיךְ גֶעוַוארְט אוֹיף
דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט׃
52 דִיזֶער אִיז גֶעקוּמֶען צוּ פִּילָטוֹס
אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען דֶעם לֵייבּ פוּן יֵשׁוּעַ׃
53 אוּנְד עֶר הָאט עֶס אַרוּפְּגֶענוּמֶען,
אוּנְד הָאט עֶס אֵיינְגֶעוִויקֶעלְט אִין אֵיין
לֵיילֶעךְ, אוּנְד הָאט עֶס אַרֵיינְגֶעלֵייגְט
אִין אֵיין קֶבֶר וָואס וַואר אוֹיסְגֶעהַאקְט
אִין אֵיין שְׁטֵיין, וְואוּ קֵיינֶער אִיז נָאךְ
נִיט גֶעלֶעגֶען׃
54 אוּנְד עֶס וַואר עֶרֶב יוֹם טוֹב, אוּנְד
נָאהְנְט צוּ שַׁבָּת׃
55 אוּנְד אוֹיךְ דִיא וַוייבֶּער וָואס זֶענֶען
מִיט אִיהְם צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען פוּן גָלִיל,
הָאבֶּען נָאכְגֶעפָאלְגְט, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען דָאס קֶבֶר, אוּנְד אַזוֹי זֵיין

לייב וואַר אַריינגעלייגט :
56 אונד זייא האָבען זיך אומגעקערט,
אונד האָבען אָנגעגרייט בשמים, אונד
אייל. אונד אַם שבת האָבען זייא
גערוהט נאָך דעם געבאָט נאָך :

קאפיטעל כד

1 אונד אַן דעם ערשטען טאָג פון
דער וואָך זענען זייא גאַנץ פריה גע־
קומען צום קבר, אונד האָבען געבראַכט
דיא בשמים וואָס זייא האָבען אָנגע־
גרייט, אונד אַנדערע וואַרען מיט זייא :
2 אונד זייא האָבען געפונען דעם
שטיין אַוועקגעוואַלגערט פון דעם קבר :
3 אונד ווען זייא זענען אַריינגעקומען,
האָבען זייא ניט געפונען דעם לייב פון
דעם האר ישוע :
4 אונד עס איז געוועזען ווען זייא
וואַרען זעהר בעזאָרגט וועגען דיזען.
אַזוי זענען צווייא מענשען בייא זייא
געשטאַנען אין גלענצענדיגע קליידער :
5 אונד וויא זייא האָבען זיך געפאָרכ־
טען, אונד האָבען זייער פנים צו דער
ערד געניינט, אַזוי האָבען זייא צו זייא
געזאָגט, וואָרום זוכט איהר דעם
לעבענדיגען צווישען דיא טויטע ?
6 ער איז ניט היר, גייערט ער איז
אויפגעשטאַנען. געדענקט וואָס ער
האָט אייך געזאָגט, ווען ער וואַר נאָך
אין גליל :
7 וויא ער האָט געזאָגט, אַז דער
בן־אָדם מוס איבערגעענטפערט ווערען
אין דיא הענד אַריין פון זינדער, אונד
געקרייציגט ווערען, אונד אויף דעם
דריטען טאָג אויפשטיין :
8 אונד זייא האָבען זיך דערמאָנט אָן
זיינע ווערטער :
9 אונד זייא האָבען זיך אומגעקערט
פון דעם קבר, אונד האָבען דאָס אַלעס
דערצייהלט צו דיא עלף אונד צו אַלע
איבריגע :
10 אונד עס וואַרען מרים מגדלנה,
אונד יוחנה, אונד מרים דיא מוטער
פון יעקב, אונד דיא איבריגע מיט
זייא, וואָס האָבען דאָס דערצייהלט צו
דיא אַפּאָסטעלן :
11 אונד זייערע רייד איז בייא זייא
אָנגעזעהען געוועזען וויא נאַרישקייט,
אונד זייא האָבען זייא ניט געגלויבט :
12 אָבער פּעטרוס איז אויפגעשטאַנען
אונד איז געלאָפען צום קבר. אונד
ער האָט זיך אַרונטערגעבויגען, אונד האָט
געזעהען דיא תכריכים אַליין ליגען.
אַזוי איז ער אַוועקגעגאַנגען, אונד האָט
זיך געוואונדערט וואָס עס איז געשעהען :
13 אונד צווייא פון זייא זענען דעם
זעלביגען טאָג געגאַנגען צו איין דאָרף
וואָס הייסט עמאוס וואָס איז זעכציג
אַקער פעלד ווייט פון ירושלים :
14 אונד זייא האָבען אונטער איינאַנ־
דער גערעט וועגען אַלע דיזע זאַכען
וואָס האָבען זיך געטראָפען :
15 אונד עס וואַר וויא זייא האָבען
גערעט אונד מפלפל געוועזען, אַזוי
האָט זיך ישוע זעלבסט גענעהנט אונד
איז מיט זייא געגאַנגען :
16 אָבער זייערע אויגען וואַרען פער־
האַלטען, אַז זייא זאָלען איהם ניט
דערקענען :
17 אונד ער האָט צו זייא געזאָגט,
וואָס פאַר זאַכען זענען דאָס, וואָס
איהר רעט אונטער איינאַנדער גייענדיג,
אונד זענט טרויריג ?
18 אונד איינער פון זייא וואָס האָט
געהייסען קלעאָפּאַס, האָט געענטפערט

אונד

אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא
דָען אַלֵיין אַיין פְרֶעמְדֶער אִין יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד ווייסְט נִיט וָואס אִיז דְרִינֶען גֶע־
שֶׁעהֶען אִין דִיזֶע טֶעג ?
19 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט.
וָואס פַאר זַאכֶען ? אוּנְד זַייא הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דָאס פוּן װֶעגֶען יֵשׁוּעַ
הַנוֹצְרִי, וָואס וַואר אַיין נָבִיא, מֶעכְטִיג
אִין מַעֲשִׂים פַאר גָאט אוּנְד אַלֶע לֵייט :
20 אוּנְד וִויא דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד
אוּנְזֶערֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע הָאבֶּען אִיהְם
אִיבֶּערְגֶעעֶנְטפֶערְט צוּם מִשְׁפָּט פוּן
טוֹיט אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט :
21 אָבֶּער מִיר הָאבֶּען גֶעהָאפְט אַז
דָאס אִיז דֶער וָואס װֶעט יִשְׂרָאֵל אוֹיסְ־
לֵייזֶען. אוּנְד אִיבֶּער אַלֶעם דִיזֶען, אִיז
הַיינְט דֶער דְרִיטֶער טָאג זִינְט דָאס
אַלֶעם אִיז גֶעשֶׁעהֶען :
22 אוּנְד עֶטְלִיכֶע ווייבֶּער פוּן אוּנְס
הָאבֶּען אוּנְס דֶערשְׁרָאקֶען, וָואריִן זַייא זֶע־
גֶען גֶעוֶועזֶען גַאנְץ פְרִיה בַּייא דֶעם קֶבֶר :
23 אוּנְד װֶען זַייא הָאבֶּען נִיט גֶע־
פוּנֶען זַיין לֵייב, זֶענֶען זַייא גֶעקוּמֶען
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז זַייא
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען גֶעזִיכְט פוּן מַלְאָכִים,
וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז עֶר לֶעבְּט :
24 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא וָואס וַוארֶען
מִיט אוּנְס זֶענֶען אַװעקְגֶעגַאנְגֶען צוּם
קֶבֶר, אוּנְד הָאבֶּען אַזוֹי גֶעפוּנֶען וִויא
דִיא ווייבֶּער הָאבֶּען גֶעזָאגְט. אָבֶּער
אִיהְם הָאבֶּען זַייא נִיט גֶעזֶעהֶען :
25 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
אוֹי, אִיהְר נַארֶען אוּנְד שְׁוֶוערְהֶערְצִיגֶע !
וָואס אִיהְר גְלוֹיבְּט נִיט אַלֶעם וָואס דִיא
נְבִיאִים הָאבֶּען גֶעזָאגְט :
26 מוּס דֶען נִיט דֶער מָשִׁיחַ דָאס
לֵיידֶען, אוּנְד אִין זַיינֶער הֶערְלִיכְקֵייט
אַרֵיינְקוּמֶען ?
27 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פוּן
תּוֹרַת מֹשֶׁה אוּנְד אַלֶע נְבִיאִים, אוּנְד
הָאט זַייא אוֹיסְגֶעלֵייגְט אִין דֶער גַאנְ־
צֶער שְׁרִיפְט וָואס אִיז אוֹיף אִיהְם גֶע־
שְׁרִיבֶּען :
28 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהֶנְט
צוּם דָארְף וְואוּ אַהִין זַייא זֶענֶען גֶע־
גַאנְגֶען. אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט
גְלֵייךְ וִויא עֶר הָאט גֶעוָואלְט ווייטֶער גֵיין :
29 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען אִיהְם זֶעהְר
גֶעבֶּעטֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, בְּלֵייבּ
מִיט אוּנְס, וָואריִן עֶס אִיז פַאר נַאכְט,
אוּנְד דֶער טָאג אִיז בַּאלְד פֶערְבֵּייא ;
אַזוֹי אִיז עֶר אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען מִיט זַייא
צוּ בְּלֵייבֶּען :
30 אוּנְד עֶס וַואר װֶען עֶר הָאט זִיךְ
מִיט זַייא צוּם טִישׁ גֶעזֶעצְט, הָאט עֶר
גֶענוּמֶען בְּרוֹיט אוּנְד הָאט בְּרָכָה גֶע־
מַאכְט, אוּנְד הָאט עֶס צֶערְבְּרָאכֶען
אוּנְד הָאט עֶס צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען :
31 אוּנְד זַיירֶע אוֹיגֶען וַוארֶען אוֹיפְ־
גֶעמַאכְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם
דֶערְקֶענְט, אָבֶּער עֶר אִיז פוּן זַייא
פֶערְשְׁווְאוּנְדֶען גֶעוָוארֶען :
32 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אֵיינֶער צוּם
אַנְדֶערְן גֶעזָאגְט, הָאט נִיט אוּנְזֶער
הַארְץ אִין אוּנְס גֶעבְּרֶענְט, װֶען עֶר
הָאט מִיט אוּנְס גֶערֶעדט אוֹיף דֶעם װֶעג,
אוּנְד װֶען עֶר הָאט אוּנְס דִיא שְׁרִיפְט
אוֹיסְגֶעלֵייגְט ?
33 אוּנְד זַייא זֶענֶען אִין דֶער זֶעלְבֶּער
שָׁעָה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ
אוּמְגֶעקֶערְט נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעפוּנֶען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דִיא עֶלְף אוּנְד
דִיא וָואס וַוארֶען מִיט זַייא :
34 וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֶער הַאר
איז

אִיז בֶּאֱמֶת אויפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט
זִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ פֶּעטְרוּס׃
45 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט וָואס
הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען אויף דֶעם וֶועג,
אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶּען אִיהְם דֶערְ־
קֶענְט בֵּיים בְּרוֹיט צֶערְבְּרֶעכֶען׃
36 אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶּען דִיזֶע זַאכֶען
גֶערֶעט, אַזוֹי אִיז יֵשׁוּעַ זֶעלְבְּסְט צְווִישֶׁען
זֵייא גֶעשְׁטַאנֶען. אוּנְד הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם׃
37 אוּנְד זֵייא וַוארֶען דֶערְשְׁרָאקֶען אוּנְד
הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעדַאכְט אַז זֵייא זֶעהֶען אֵיין רוּחַ׃
38 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וָוארוּם זֵייט אִיהְר דֶערְשְׁרָאקֶען? אוּנְד
וָוארוּם קוּמֶען זָאלְכֶע גֶעדַאנְקֶען אִין
אֵיירֶע הֶערְצֶער אַרֵיין?
39 זֶעהְט מֵיינֶע הֶענְד אוּנְד מֵיינֶע
פִּיס, אַז אִיךְ בִּין דָאס זֶעלְבְּסְט. פִּיהְלְט
מִיךְ אוּנְד זֶעהְט. וָוארִין אֵיין רוּחַ הָאט
נִיט קֵיין פְלֵיישׁ אוּנְד בֵּיין, אַזוֹי וִויא
אִיהְר זֶעהְט אַז אִיךְ הָאבּ׃
40 אוּנְד וִויא עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט,
הָאט עֶר זֵייא גֶעווִיזֶען זֵיינֶע הֶענְד אוּנְד
זֵיינֶע פִּיס׃
41 אוּנְד ווייל זֵייא הָאבֶּען נָאךְ נִיט
גֶעגְלוֹיבְּט פַאר שִׂמְחָה, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ
פֶערְוָואוּנְדֶערְט; אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, הָאט אִיהְר דָא עֶפֶּעס צוּ
עֶסֶען?
42 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעגֶעבֶּען
אֵיין שְׁטִיק גֶעבְּרָאטֶענֶע פִישׁ, אוּנְד אֵיין
שְׁטִיק הָאנִיק׃
43 אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶענוּמֶען אוּנְד
הָאט פַאר זֵייא גֶעגֶעסֶען׃
44 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
דָאס זֶענֶען דִיא זַאכֶען וָואס אִיךְ הָאבּ
אֵייךְ גֶעזָאגְט וֶוען אִיךְ וַואר נָאךְ מִיט
אֵייךְ, אַז אַלֶעס מוּס מְקוּיָים וֶוערֶען וָואס
אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען וֶועגֶען מִיר אִין תּוֹרַת
משֶׁה, אוּנְד אִין דִיא נְבִיאִים, אוּנְד אִין
תְּהִילִים׃
45 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זֵייעֶר פֶערְ־
שְׁטַאנְד אויפְגֶעמַאכְט, אַז זֵייא זָאלֶען
פֶערְשְׁטֵיין דִיא שְׁרִיפְט׃
46 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אַזוֹי אִיז עֶס גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּנְד אַזוֹי מוּס
דֶער מָשִׁיחַ לֵיידֶען, אוּנְד פוּן דֶעם טוֹיט
אויפְשְׁטֵיין אויף דֶעם דְרִיטֶען טָאג׃
47 אוּנְד אַז מֶען זָאל אִין זֵיין נָאמֶען
פְּרֶעדִיגֶען תְּשׁוּבָה אוּנְד פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן
זִינְדֶען צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד מֶען
זָאל אָנְהֵייבֶּען אִין יְרוּשָׁלַיִם׃
48 אוּנְד אִיהְר זֶענְט צֵייגֶען פוּן דִיזֶע
זַאכֶען׃
49 אוּנְד זֶעהְט, אִיךְ וֶועל אויף אֵייךְ
שִׁיקֶען דִיא הַבְטָחָה פוּן מֵיין פָאטֶער.
אָבֶּער בְּלֵייבְּט אִיהְר אִין דֶער שְׁטָאט
יְרוּשָׁלַיִם, בִּיז אִיהְר וֶועט אָנְגֶעטְהוּן
וֶוערֶען מִיט מַאכְט פוּן דֶער הֵייךְ׃
50 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַרוֹיסְגֶעפִירְט
בִּיז בֵּית־עַנְיָה, אוּנְד הָאט זֵיינֶע הֶענְד
אויפְגֶעהוֹיבֶּען. אוּנְד הָאט זֵייא גֶער־
בֶּענְשְׁט׃
51 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען עֶר הָאט זֵייא
גֶעבֶּענְשְׁט, הָאט עֶר זִיךְ פוּן זֵייא אָפְּ־
גֶעשֵׁייד, אוּנְד וַואר אַרוֹיפְגֶעטְרָאגֶען אִין
הִימֶעל אַרֵיין׃
52 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם
גֶעבִּיקְט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט
נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם מִיט גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה׃
53 אוּנְד זֵייא זֶענֶען שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶועזֶען
אִין דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד הָאבֶּען
גָאט גֶעלוֹיבְּט אוּנְד גֶעבֶּענְשְׁט, אָמֵן׃

# דָאס הֵיילִיגֶע עֶוַואנְגֶעלִיוּם פוּן יוֹחָנָן

1 אִים אָנְפַאנְג אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וָוארְט, אוּנְד דָאס וָוארְט אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט גָאט, אוּנְד דָאס וָוארְט אִיז גֶעוֶועזֶען גָאט:

2 דָאס זֶעלְבִּיגֶע אִיז גֶעוֶועזֶען אִים אָנְפַאנְג מִיט גָאט:

3 אַלֶעס אִיז דוּרְךְ אִיהְם גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אָהְן אִיהְם אִיז גָאר נִיט גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, וָואס אִיז גֶעמַאכְט:

4 אִין אִיהְם אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס לֶעבֶּען, אוּנְד דָאס לֶעבֶּען אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס לִיכְט פוּן דִיא מֶענְשֶׁען:

5 אוּנְד דָאס לִיכְט שֵׁיינְט אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד דִיא פִינְסְטֶערְנִיס הָאט עֶס נִיט בֶּעגְרִיפֶען:

6 דָא וַואר אֵיין מַאן גֶעשִׁיקְט פוּן גָאט, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען יוֹחָנָן:

7 דִיזֶער אִיז גֶעקוּמֶען פַאר אֵיין צֵייגְנִיס, אַז עֶר זָאל בֶּעצֵייגֶען וֶועגֶען דֶעם לִיכְט, כְּדֵי אַלֶע זָאלֶען גְלוֹיבֶּען דוּרְךְ אִיהְם:

8 דִיזֶער וַואר נִיט דָאס לִיכְט, נֵייעֶרְט עֶר אִיז גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען צוּ בֶּעצֵייגֶען וֶועגֶען דֶעם לִיכְט:

9 דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וָואהְרֶע לִיכְט, וָואס לֵייכְט אִיטְלִיכֶען מֶענְשֶׁען וָואס קוּמְט אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיין:

10 עֶר אִיז אִין דֶער וֶועלְט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דִיא וֶועלְט אִיז דוּרְךְ אִיהְם גֶעמַאכְט, אוּנְד דִיא וֶועלְט הָאט אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט:

11 עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא זֵיינִיגֶע, אוּנְד דִיא זֵיינִיגֶע הָאבֶּען אִיהְם נִיט אָנְגֶענוּמֶען:

12 אָבֶּער וִויא פִיל עֶס הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען, צוּ דִיא הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען מַאכְט אַז זֵייא זָאלֶען וֶוערֶען דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט, אַפִילוּ צוּ דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען אִין זֵיין נָאמֶען:

13 וָואס וַוארֶען נִיט גֶעבּוֹירֶען פוּן בְּלוּט, אוּנְד נִיט פוּן דֶעם וִוילֶען פוּן פְלֵייש, אוּנְד נִיט פוּן דֶעם וִוילֶען פוּן מֶענְשֶׁען, נֵייעֶרְט פוּן גָאט:

14 אוּנְד דָאס וָוארְט אִיז גֶעוָוארֶען פְלֵייש, אוּנְד הָאט מִיט אוּנְס גֶעווֹאוֹינְט, אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט, אֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט וִויא פוּן דֶעם אֵיינְצִיגֶען זוּהְן פוּן דֶעם פָאטֶער, פוּל מִיט גֶענָאד אוּנְד וָואהְרְהֵייט:

15 יוֹחָנָן הָאט אוֹיף אִיהְם עֵדוּת גֶעזָאגְט, אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיגֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דָאס וַואר דִיזֶער, פוּן וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, דֶער וָואס קוּמְט נָאךְ מִיר, וַואר פָארְנֶעמֶער פוּן מִיר, וָוארִין עֶר וַואר פְרִיהֶר פוּן מִיר:

16 אוּנְד פוּן זֵיינֶער פוּלְהֵייט הָאבֶּען מִיר אַלֶע עֶנְטפַאנְגֶען, אוּנְד גֶענָאד פַאר גֶענָאד:

17 וָוארִין דִיא תּוֹרָה וַואר גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ מֹשֶׁה, אָבֶּער גֶענָאד אוּנְד וָואהְרְהֵייט אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:

18 קֵיינֶער הָאט גָאט קֵיינְמָאל נִיט גֶעזֶעהֶען. דֶער אֵיינְצִיגֶער זוּהְן, וָואס אִיז אִין דֶעם שׁוֹים פוּן דֶעם פָאטֶער, דֶער הָאט אִיהְם בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט:

19 אוּנְד דָאס אִיז דָאס צֵייגְנִיס פוּן יוֹחָנָן, וֶוען דִיא יוּדֶען הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט



כהנים

כֹּהֲנִים אוּנְד לְוִיִם פוּן יְרוּשָׁלַיִם אַז זַייא
זָאלֶען אִיהְם פְרֶעגֶען, וֶוער בִּיסְט דוּא?
20 אוּנְד עֶר הָאט מוֹדֶה גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד הָאט נִיט גֶעלֵייקֶענְט. גֵייעֶרְט עֶר
הָאט בֶּעקֶענְט, אִיךְ בִּין נִיט דֶער
מָשִׁיחַ:
21 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט,
וָואס דֶען? בִּיסְט דוּא אֵלִיָהוּ? אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין עֶס נִיט. בִּיסְט
דוּא דֶער נָבִיא? אוּנְד עֶר הָאט גֶעע־
עֶנְטפֶערְט, נֵיין:
22 אַזוֹי הָאבֶּען זַייא צוּ אִיהְם גְעזָאגְט,
וֶוער בִּיסְט דוּא דֶען? דָאס מִיר זָאלֶען
אֵיינֶע אַנְטוָוארְט גֶעבֶּען צוּ דִיא וָואס
הָאבֶּען אוּנְס גֶעשִׁיקְט. וָואס זָאגְסְט דוּא
וֶועגֶען דִיר זֶעלְבְּסְט?
23 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין
דָאס קוֹל וָואס שְׁרֵייעֶט אִין דֶער מִדְבָּר,
מַאכְט גְלֵייךְ דֶעם וֶועג פוּן דֶעם הַאר
גָאט; אַזוֹי וִויא יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא הָאט
גֶעזָאגְט:
24 אוּנְד דִיא וָואס וַוארֶען גֶעשִׁיקְט
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא פְּרוּשִׁים:
25 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט,
אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָוארוּם
טְהוּסְט דוּא דֶען טוֹיפֶען, וֶוען דוּא בִּיסְט
נִיט דֶער מָשִׁיחַ, אוּנְד נִיט אֵלִיָהוּ, אוּנְד
נִיט דֶער נָבִיא?
26 אוּנְד יוֹחָנָן הָאט זַייא גֶעעֶנְטפֶערְט,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ טוֹיפֶע מִיט
וַואסֶער, אָבֶּער דָא שְׁטֵייט אֵיינֶער
צְווִישֶׁען אֵייךְ, וֶועלְכֶען אִיהְר קֶענְט נִיט:
27 דָאס אִיז דֶער וָואס קוּמְט נָאךְ מִיר,
אוּנְד עֶר אִיז פָארְגֶעמֶער פוּן מִיר, וָואס
אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט אַז אִיךְ זָאל אוֹיפְ־
בִּינְדֶען דִיא רִימֶען פוּן זַיינֶע שִׁיךְ:
28 דָאס וַואר גֶעשֶׁעהֶען אִין בֵּית־עֲבָרָה
אוֹיף דֶער אַנְדֶערְער זַייט יַרְדֵן, וְואוּ
יוֹחָנָן הָאט גֶעטוֹיפְט:
29 אוֹיף מָארְגֶען הָאט יוֹחָנָן גֶעזֶעהֶען
יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם קוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, זֶעהְט דָאס לַאם פוּן גָאט
וָואס גֶענִמְט אַוֶועק דִיא זִינְדֶען פוּן דֶער
וֶועלְט:
30 דָאס אִיז דֶער, פוּן וֶועמֶען אִיךְ
הָאבּ גֶעזָאגְט, נָאךְ מִיר קוּמְט אֵיין מַאן,
וָואס אִיז פָארְגֶעמֶער פוּן מִיר. וָוארִין
עֶר וַואר פָאר מִיר:
31 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם נִיט גֶעע־
קֶענְט. גֵייעֶרְט אַז עֶר זָאל עֶנְטפְּלֶעקְט
וֶוערֶען צוּ יִשְׂרָאֵל, דָארוּם בִּין אִיךְ גֶעע־
קוּמֶען צוּ טוֹיפֶען מִיט וַואסֶער:
32 אוּנְד יוֹחָנָן הָאט עֵדוּת גֶעזָאגְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען
דֶעם רוּחַ אַרוּפְקוּמֶען פוּם הִימֶעל וִויא
אֵיינֶע טוֹיבּ, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיף אִיהְם
גֶעבְּלִיבֶּען:
33 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט.
גֵייעֶרְט דֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט
צוּ טוֹיפֶען מִיט וַואסֶער, דֶער הָאט צוּ
מִיר גֶעזָאגְט, אוֹיף וֶועמֶען דוּא וֶועסְט
זֶעהֶען דֶעם רוּחַ אַרוּפְקוּמֶען, אוּנְד אוֹיף
אִיהְם בְּלֵייבֶּען, דָאס אִיז דֶער וָואס
טוֹיפְט מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:
34 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאבּ
עֵדוּת גֶעזָאגְט, אַז דָאס אִיז דֶער זוּהְן
פוּן גָאט:
35 אוּנְד אוֹיף מָארְגֶען אִיז יוֹחָנָן וִוידֶער
גֶעשְׁטַאנְדֶען אוּנְד צְווֵייא פוּן זַיינֶע
תַּלְמִידִים:
36 אוּנְד וִויא עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען יֵשׁוּעַ
גֵיין, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט, זֶעהְט דָאס
לַאם פוּן גָאט:
37 אוּנְד דִיא צְווֵייא תַּלְמִידִים הָאבֶּען

אִיהְם גֶעהֶערְט רֶעדֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
יֵשׁוּעַ נָאכְגֶעפָאלְגְט:
38 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אוּמְגֶע־
קֶערְט, אוּנְד הָאט זֵייא גֶעזֶעהֶען נָאכְ־
פָאלְגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וָואס זוּכְט אִיהְר? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, (וָואס אִיז אוֹיף
יוּדִישׁ, לֶעהְרֶער) אַוְואוּ וְואוֹינְסְט דוּא?
39 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט׳
קוּמְט אוּנְד זֶעהְט. אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַוְואוּ עֶר
וְואוֹינְט. אוּנְד זֵייא זֶענֶען דִיזֶען טָאג
בֵּייא אִיהְם גֶעבְּלִיבֶּען. אוּנְד עֶס וַואר
קֶעגֶען דִיא צֶעהְנְטֶע שָׁעָה:
40 אוּנְד אַנְדְרֵי, דֶער בְּרוּדֶער פוּן
שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס וַואר אֵיינֶער פוּן דִיא
צְוֵוייא וָואס הָאבֶּען גֶעהֶערְט יוֹחָנָן רֶעדֶען,
אוּנְד וָואס הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט:
41 דִיזֶער הָאט צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעפוּנֶען
זַיין אֵייגֶענֶעם בְּרוּדֶער שִׁמְעוֹן, אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען
גֶעפוּנֶען דֶעם מָשִׁיחַ (וָואס אִיז אוֹיף
גְרִיכִישׁ קְרִיסְטוּס):
42 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ
יֵשׁוּעַ, וִויא יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען,
אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט
שִׁמְעוֹן, דֶער זוּהְן פוּן יוֹנָה, דוּא זָאלְסְט
גֶערוּפֶען וֶוערֶען כֵּיפָא, (וָואס אִיז אוֹיף
יוּדִישׁ, אֵיין פֶעלְזֶען):
43 אוֹיף מָארְגֶען הָאט יֵשׁוּעַ גֶעוָואלְט
גֵיין נָאךְ גָלִיל. אוּנְד עֶר הָאט גֶעפוּנֶען
פִילִיפּוּס, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, פָאלְג מִיר נָאךְ:
44 אוּנְד פִילִיפּוּס וַואר פוּן בֵּית־צַיְדָה,
אוֹיס דֶער שְׁטָאט פוּן אַנְדְרֵי אוּנְד
פֶּעטְרוּס:
45 אוּנְד פִילִיפּוּס הָאט גֶעפוּנֶען נְתַנְאֵל,
אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר
הָאבֶּען גֶעפוּנֶען דֶעם פוּן וֶועלְכֶען מֹשֶׁה
הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער תּוֹרָה, אוּנְד
דִיא נְבִיאִים, יֵשׁוּעַ דֶער זוּהְן פוּן יוֹסֵף
אוֹיס נָצְרַת:
46 אוּנְד נְתַנְאֵל הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, קֶען עֶפֶּעס גוּטֶעס אַרוֹיסְקוּמֶען
פוּן נָצְרַת? אוּנְד פִילִיפּוּס הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, קוּם אוּנְד זֶעה:
47 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען נְתַנְאֵל
צוּ אִיהְם קוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט פוּן
אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעהְט, אֵיין אֱמֶת׳ער בֶּן
יִשְׂרָאֵל, אִין וֶועלְכֶען עֶס אִיז נִיט דָא
קֵיינֶע פַאלְשְׁהֵייט:
48 אוּנְד נְתַנְאֵל הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, פוּן וַואנֶען קֶענְסְט דוּא מִיךְ?
אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אֵיידֶער פִילִיפּוּס
הָאט דִיךְ גֶערוּפֶען, וֶוען דוּא בִּיסְט גֶע־
וֶועזֶען אוּנְטֶער דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים, הָאבּ
אִיךְ דִיךְ גֶעזֶעהֶען:
49 אַזוֹי הָאט אִיהְם נְתַנְאֵל גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, דוּא
בִּיסְט דֶער זוּהְן פוּן גָאט, דוּא בִּיסְט
דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל:
50 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וַוייל אִיךְ הָאבּ
דִיר גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעזֶעהֶען
אוּנְטֶער דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים, אַזוֹי גְלוֹיבְּסְט
דוּא? דוּא וֶועסְט זֶעהֶען גְרֶעסֶערֶע
זַאכֶען וִויא דִיזֶע:
51 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פַארְוָואהְר, פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ,
פוּן אַצוּנְד אָן וֶועט אִיהְר זֶעהֶען דֶעם
הִימֶעל אָפֶען, אוּנְד דִיא מַלְאָכִים פוּן
גָאט אַרוֹיפְגֵיין אוּנְד אַרוּפְקוּמֶען אוֹיף
דֶעם בֶּן־אָדָם:

אוּנְד

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד אויף דֶעם דְרִיטֶען טָאג וַואר אֵיינֶע חֲתוּנָה אִין קָנָא פוּן גָלִיל. אוּנְד דִיא מוּטֶער פוּן יֵשׁוּעַ אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען:

2 אוּנְד יֵשׁוּעַ אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים וַוארֶען אוֹיךְ גֶעבֶּעטֶען אויף דֶער חֲתוּנָה:

3 אוּנְד וֶוען עֶס הָאט זַייא גֶעפֶּעהְלְט וויין, אַזוֹי הָאט דִיא מוּטֶער פוּן יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זַייא הָאבֶּען נִיט קֵיין וויין:

4 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, ווייב, וָואס הָאבּ אִיךְ מִיט דִיר צוּ טְהוּן? מֵיינֶע שָׁעָה אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען:

5 אוּנְד זֵיינֶע מוּטֶער הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא בֶּעדִינֶער, וָואס עֶר וֶועט אֵייךְ זָאגֶען, דָאס טְהוּט:

6 אוּנְד עֶס וַוארֶען דָארְטֶען אַנִידֶערְ־גֶעשְׁטֶעלְט זֶעקְס שְׁטֵיינֶערְנֶע וַואסֶערְ־קְרִיג, נָאךְ דֶער גֶעוָואוֹינְהַייט פוּן דֶער רֵיינִיגוּנְג פוּן דִיא יוּדֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶעס הָאט גֶעהַאלְטֶען צְוַוייא אָדֶער דְרַייא מָאס:

7 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, פִילְט אָן דִיא קְרִיג מִיט וַואסֶער! אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא אָנְגֶעפִילְט בִּיז אַרוֹיף:

8 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, נוּן שֶׁעפְּט אָן אוּנְד טְרָאגְט עֶס צוּ דֶעם אויבֶּערְשְׁטֶען פוּן דֶער חֲתוּנָה. אַזוֹי הָאבֶּען זַייא עֶס גֶעטְרָאגֶען:

9 וֶוען דֶער אויבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶער חֲתוּנָה הָאט פֶּערְזוּכְט דָאס וַואסֶער וָואס אִיז גֶעוָוארֶען וויין, אוּנְד הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט פוּן וַואנֶען עֶס אִיז, (אָבֶּער דִיא בֶּעדִינֶער וָואס הָאבֶּען דָאס וַואסֶער אָנְגֶעשֶׁעפְּט, הָאבֶּען עֶס גֶעוְואוּסְט); אַזוֹי הָאט דֶער אויבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶער חֲתוּנָה גֶערוּפֶען דֶעם חָתָן:

10 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ שְׁטֶעלְט צוּעֶרְשְׁט אַנִידֶער דֶעם גוּטֶען וויין, אוּנְד וֶוען מֶען הָאט זִיךְ אָנְגֶעטְרוּנְקֶען, אַזוֹי גִיבְּט מֶען דֶעם עֶרְגֶערֶען, אָבֶּער דוּא הָאסְט גֶעהַאלְטֶען דֶעם גוּטֶען וויין בִּיז אַצוּנְד:

11 דִיזֶעס עֶרְשְׁטֶע וְואוּנְדֶער הָאט יֵשׁוּעַ גֶעטְהוּן אִין קָנָא פוּן גָלִיל, אוּנְד הָאט אֶנְטְפְּלֶעקְט זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט. אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִין אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט:

12 דֶערְנָאךְ אִיז עֶר אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ כְּפַר־נָחוּם, עֶר אוּנְד זֵיינֶע מוּטֶער אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּנְד זַייא זֶענֶען דָארְטֶען נִיט לַאנְג גֶעבְּלִיבֶּען:

13 אוּנְד דֶער יוּדִישֶׁער פֶּסַח וַואר נָאהְנְט, אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם:

14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעפוּנֶען אִין דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, דִיא וָואס הָאבֶּען פֶּערְקוֹיפְט אָקְסֶען אוּנְד שָׁאף אוּנְד טוֹיבֶּען, אוּנְד דִיא וֶועקְסְלֶער:

15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אֵיין קַאנְטְשִׁיק פוּן שְׁטְרִיקְלֶעךְ, אוּנְד הָאט אַלֶע אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד דִיא שָׁאף אוּנְד דִיא אָקְסֶען, אוּנְד הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיט דָאס גֶעלְד פוּן דִיא וֶועקְסְלֶערְס, אוּנְד הָאט אוּמְגֶעוָוארְפֶען דִיא טִישֶׁען:

16 אוּנְד עֶר הָאט צוּ דִיא טוֹיבֶּענְ־הֶענְדְלֶער גֶעזָאגְט, נֶעמְט אַוֶועק דִיזֶע זַאבֶען פוּן הִיר. מַאכְט נִיט מֵיין פָאטֶערְס הויז אֵיין הויז פוּן הַאנְדֶעל:

17 אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען זִיךְ

דֶערמָאנְט, אַז עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען,
דִיא קִנְאָה פוּן דֵיין הויז הָאט מִיךְ
אויפְגֶעגֶעסֶען:
18 אוּנְד דִיא יוּדֶען הָאבֶּען גֶעעֶנְט־
פֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וָאס פַאר אֵיין צֵייכֶען וֵוייזְט דוּא אוּנְס,
דָאס דוּא טְהוּסְט דִיזֶע זַאכֶען?
19 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, צֶערְוַוארְפְט דָאס
בֵּית הַמִקְדָשׁ. אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס
אויפְשְׁטֶעלֶען אִין דְרֵייא טֶעג:
20 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט,
אִין זֶעקְס אוּנְד פִירְצִיג יָאהְר וַואר דָאס
בֵּית הַמִקְדָשׁ גֶעבּוֹיעֶט, אוּנְד דוּא וֶועסְט
עֶס אויפְשְׁטֶעלֶען אִין דְרֵייא טֶעג?
21 אָבֶּער עֶר הָאט גֶערֶעט וֶועגֶען
דֶעם טֶעמְפֶּעל פוּן זֵיין לֵייבּ:
22 דְרוּם וֶוען עֶר אִיז פוּן דֶעם טוֹיט
אויפְגֶעשְׁטַאנֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵיינֶע
תַּלְמִידִים גֶעדֶענְקְט אַז עֶר הָאט דָאס
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעגְלוֹיבְּט אִין דֶער שְׁרִיפְט, אוּנְד אִין
דֶעם וָוארְט וָואס יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט:
23 אוּנְד וֶוען עֶר וַואר אִין יְרוּשָׁלַיִם
אַם פֶּסַח אוֹיף דֶעם יוֹם טוֹב, אַזוֹי
הָאבֶּען פִילֶע גֶעגְלוֹיבְּט אָן זֵיין
נָאמֶען, וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
זֵיינֶע וְואוּנְדֶער וָואס עֶר הָאט גֶע־
טְהוּן:
24 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ צוּ זֵייא נִיט
פֶערְטְרוֹיעֶט, וַוייל עֶר הָאט אַלֶע גֶע־
קֶענְט:
25 אוּנְד עֶר הָאט נִיט בֶּעדַארְפְט אַז
יֶעמַאנְד זָאל צֵייגְנִיס גֶעבֶּען אוֹיף מֶענ־
שֶׁען. וָוארִין עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט וָואס
אִיז אִין דֶעם מֶענְשׁ:

## קאַפִּיטֶעל ג

1 דָא וַואר אֵיין מַאן פוּן דִיא פְּרוּשִׁים,
וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען נִיקוֹדִימוּס, אֵיין
עֶלְצְטֶער פוּן דִיא יוּדֶען:
2 דִיזֶער אִיז גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ בֵּייא
נַאכְט, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
רַבִּי. מִיר וֵוייסֶען אַז דוּא בִּיסְט אֵיין
לֶעהְרֶער וָואס אִיז גֶעקוּמֶען פוּן גָאט.
וָוארִין קֵיינֶער קֶען נִיט טְהוּן דִיא
וְואוּנְדֶער וָואס דוּא טְהוּסְט, עֶס זֵייא
דֶען דָאס גָאט אִיז מִיט אִיהְם:
3 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת
זָאג אִיךְ דִיר, דֶער וָואס וֶועט נִיט
ווִידֶער אַמָאל גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען, דֶער
קֶען נִיט זֶעהֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט:
4 אוּנְד נִיקוֹדִימוּס הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, ווִיא אַזוֹי קֶען אֵיין מַאן גֶע־
בּוֹירֶען וֶוערֶען וֶוען עֶר אִיז אַלְט? קֶען
עֶר דֶען ווִידֶער אַמָאל אַרֵיינְקוּמֶען אִין
זֵיין מוּטֶערְס לֵייבּ, אוּנְד גֶעבּוֹירֶען
וֶוערֶען?
5 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, בֶּאֱמֶת,
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, דֶער וָואס וֶועט
נִיט גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען פוּן וַואסֶער אוּנְד
פוּן דֶעם גֵייסְט, דֶער קֶען נִיט אַרֵיינְ־
קוּמֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט:
6 דָאס וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן פְלֵייש,
אִיז פְלֵייש. אוּנְד דָאס וָואס אִיז גֶע־
בּוֹירֶען פוּן דֶעם גֵייסְט, אִיז גֵייסְט:
7 וְואוּנְדֶער דִיךְ נִיט וַוייל אִיךְ הָאבּ
דִיר גֶעזָאגְט, אִיהְר מוּסְט ווִידֶער גֶע־
בּוֹירֶען וֶוערֶען:
8 דֶער ווִינְד בְּלָאזְט וְואוּ עֶר ווִיל,
אוּנְד דוּא הֶערְסְט זֵיין קוֹל, אָבֶּער דוּא
וֵוייסְט נִיט פוּן וַואנֶען עֶר קוּמְט, אוּנְד

אַזוֹי אַהִין עֶר גֵייט; אַזוֹי אִיז אִיטְלִיכֶער
וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן דֶעם גֵייסְט:
9 אוּנְד נִיקוֹדִימוּס הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וִויא אַזוֹי
קֶען דָאס זַיין?
10 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא אֵיין
לֶעהְרֶער פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד ווייסְט נִיט
דִיזֶע זַאכֶען?
11 בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, אַז
מִיר רֶעדֶען וָואס מִיר ווייסֶען, אוּנְד
מִיר בֶּעצֵייגֶען וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעזֶע־
הֶען. אוּנְד אִיהְר נֶעמְט נִיט אָן אוּנְזֶער
עֵדוּת:
12 וֶוען אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶערֶעט פוּן
אִירְדִישֶׁע זַאכֶען, אוּנְד אִיהְר גְלוֹיבְּט
נִיט; וִויא אַזוֹי וָואלְט אִיהְר גְלוֹיבֶּען,
וֶוען אִיךְ זָאג אֵייךְ פוּן הִימְלִישֶׁע זַאכֶען?
13 אוּנְד קֵיינֶער אִיז נִיט אַרוֹיפְגֶע־
גַאנְגֶען אִין דֶעם הִימֶעל אַרֵיין, נֵייעֶרְט
דֶער וָואס אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם
הִימֶעל, דֶער בֶּן־אָדָם וָואס אִיז אִים
הִימֶעל:
14 אוּנְד אַזוֹי וִויא משֶׁה הָאט אוֹיפְ־
גֶעהוֹיבֶּען דִיא שְׁלַאנְג אִין דֶער מִדְבָּר,
אַזוֹי מוּס דֶער בֶּן־אָדָם אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
וֶוערֶען:
15 דָאס אִיטְלִיכֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן
אִיהְם זָאל נִיט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען, נֵייעֶרְט
עֶר זָאל הָאבֶּען דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען:
16 וָוארִין גָאט הָאט דִיא וֶועלְט אַזוֹי
גֶעלִיבְּט, דָאס עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען זַיין
אֵיינְצִיגֶען זוּהְן, אַז אִיטְלִיכֶער וָואס
גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם זָאל נִיט פֶערלוֹירֶען
וֶוערֶען, נֵייעֶרְט עֶר זָאל הָאבֶּען דָאס
אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען:
17 וָוארִין גָאט הָאט נִיט גֶעשִׁיקְט זַיין
זוּהְן אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיין אַז עֶר זָאל
דִיא וֶועלְט פֶערְשׁוּלְדִיגֶען, נֵייעֶרְט אַז
דִיא וֶועלְט זָאל דוּרְךְ אִיהְם גֶערֶעטֶעט
וֶוערֶען:
18 דֶער וָואס גְלוֹיבְּט אִין אִיהְם אִיז
נִיט פֶערְשׁוּלְדִיגְט, אָבֶּער וֶוער עֶס גְלוֹיבְּט
נִיט אִיז שׁוֹין פֶערְשׁוּלְדִיגְט, וֵוייל עֶר
הָאט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אָן דֶעם נָאמֶען פוּן
דֶעם אֵיינְצִיגֶען זוּהְן פוּן גָאט:
19 אוּנְד דָאס אִיז דָאס מִשְׁפָּט, וָוארִין
דָאס לִיכְט אִיז אִין דִיא וֶועלְט אַרֵיינְ־
גֶעקוּמֶען, אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען הָאבֶּען
גֶעלִיבְּט דִיא פִינְסְטֶערְנִיס מֶעהְר וִויא
דָאס לִיכְט, וָוארִין זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען
שְׁלֶעכְט גֶעוֶועזֶען:
20 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס טְהוּט אוּמְ־
רֶעכְט, הָאט פֵיינְד דָאס לִיכְט, אוּנְד
עֶר קוּמְט נִיט צוּם לִיכְט, כְּדֵי זֵיינֶע
מַעֲשִׂים זָאלֶען נִיט בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען:
21 אָבֶּער דֶער וָואס טְהוּט דִיא
וָואהְרְהֵייט קוּמְט צוּם לִיכְט, דָאס זֵיינֶע
מַעֲשִׂים זָאלֶען עֶנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, אַז
זֵייא זֶענֶען גֶעטְהוּן אִין גָאט:
22 נָאךְ דִיזֶען אִיז יֵשׁוּעַ אוּנְד זֵיינֶע
תַּלְמִידִים גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד פוּן
יְהוּדָה, אוּנְד הָאט דָארְטֶען גֶעוְואוֹינְט
מִיט זֵייא, אוּנְד הָאט גֶעטוֹיפְט:
23 אוּנְד יוֹחָנָן הָאט אוֹיךְ גֶעטוֹיפְט
אִין עֵינוֹן נָאהְנְט צוּ שָׁלֵם, וָוארִין
דָארְטֶען וַואר פִיל וַואסֶער. אוּנְד דִיא
לֵייט זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ
גֶעלָאזְט טוֹיפֶען:
24 וָוארִין יוֹחָנָן וַואר נָאךְ נִיט אִין דֶעם
גֶעפֶענְקְנִיס אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען:
25 אוּנְד דָא וַואר אַ מַחֲלוֹקֶה צְווִישֶׁען
דִיא תַּלְמִידִים פוּן יוֹחָנָן אוּנְד דִיא יוּדֶען
וֶועגֶען דֶער רֵיינִיגוּנְג:

26 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ
יוֹחָנָן, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
רַבִּי, דֶער וָואס אִיז מִיט דִיר גֶעוֶועזֶען
אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער זַייט יַרְדֵן, אוֹיף
וָועלְכֶען דוּא הָאסְט עֵדוּת גֶעזָאגְט,
דִיזֶער טְהוּט נוּן טוֹיפֶען, אוּנְד אַלֶע
קוּמֶען צוּ אִיהְם :
27 אוּנְד יוֹחָנָן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, אֵיין מֶענְשׁ קֶען קֵיין זַאךְ
נִיט עֶנְטְפַאנְגֶען, אוֹיסְגֶענוּמֶען עֶס וֶוערְט
אִיהְם גֶעגֶעבֶּען פוּן דֶעם הִימֶעל :
28 אִיהְר אַלֵיין זַייט מֵיינֶע עֵדוּת, אַז
אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין נִיט דֶער
מָשִׁיחַ, נֵייעֶרְט אִיךְ בִּין פָאר אִיהְם
גֶעשִׁיקְט :
29 וֶוער עֶס הָאט דִיא כַּלָה, דֶער אִיז
דֶער חָתָן. אָבֶּער דֶער פְּרֵיינְד פוּן דֶעם
חָתָן, וָואס שְׁטֵייט אוּנְד הֶערְט אִיהְם,
דֶער פְרֵייעֶט זִיךְ זֶעהְר, וֶועגֶען דֶעם
קוֹל פוּן דֶעם חָתָן. דְרוּם אִיז מֵיינֶע
פְרֵייד דֶערְפִילְט :
30 עֶר מוּס זִיךְ פֶערְמֶעהְרֶען, אָבֶּער
אִיךְ מוּס גֶעמִינֶערְט וֶוערֶען :
31 דֶער וָואס קוּמְט אַרוּפּ פוּן אוֹיבֶען,
אִיז אִיבֶּער אַלֶעס. דֶער וָואס אִיז פוּן
דֶער עֶרְד, גֶעהֶערְט צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד
רֶעט פוּן דֶער עֶרְד. דֶער וָואס קוּמְט
פוּן דֶעם הִימֶעל אִיז אִיבֶּער אַלֶע :
32 אוּנְד עֶר בֶּעצֵייגְט דָאס וָואס עֶר
הָאט גֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאט גֶעהֶערְט,
אוּנְד קֵיינֶער נֶעמְט נִיט אָן זַיין עֵדוּת :
33 דֶער וָואס נֶעמְט אָן זַיין עֵדוּת,
הָאט זַיינֶע חֲתִימָה גֶעגֶעבֶּען, אַז גָאט
אִיז אֱמֶת :
34 וָוארִין וֶועמֶען גָאט הָאט גֶעשִׁיקְט,
דֶער רֶעט דִיא רֵייד פוּן גָאט. וָוארִין גָאט
גִיבְּט נִיט דֶעם גֵייסְט מִיט דֶעם מָאס :
35 דֶער פָאטֶער לִיבְּט דֶעם זוּהְן, אוּנְד
הָאט אַלֶעס אִין זַיינֶע הַאנְד אַרֵיין גֶעג־
גֶעבֶּען :
36 דֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן דֶעם זוּהְן,
הָאט דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען ; אָבֶּער דֶער
וָואס גְלוֹיבְּט נִיט אָן דֶעם זוּהְן, וֶועט
נִיט זֶעהֶען דָאס לֶעבֶּען, נֵייעֶרְט דֶער
צָארְן פוּן גָאט בְּלֵייבְּט אוֹיף אִיהְם :

קאַפִּיטעל ד

1 אוּנְד וֶוען דֶער הַאר הָאט גֶעוְואוּסְט
אַז דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעהֶערְט, אַז
יֵשׁוּעַ מַאכְט אוּנְד טוֹיפְט מֶעהְר
תַּלְמִידִים וִויא יוֹחָנָן :
2 (חָאטְשֶׁע יֵשׁוּעַ זֶעלְבְּסְט הָאט נִיט
גֶעטוֹיפְט, נֵייעֶרְט זַיינֶע תַּלְמִידִים) :
3 אַזוֹי הָאט עֶר פֶערְלָאזְט יְהוּדָה,
אוּנְד אִיז ווִידֶער גֶעגַאנְגֶען נָאךְ גָלִיל :
4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמוּסְט דוּרְכְגֵיין
דוּרְךְ שׁוֹמְרוֹן :
5 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אֵיינֶע
שְׁטָאט פוּן שׁוֹמְרוֹן, וָואס הֵייסְט שִׁיכָר,
נָאהְנְט צוּ דֶעם לַאנְד וָואס יַעֲקֹב הָאט
גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיין זוּהְן יוֹסֵף :
6 אוּנְד דָארְטֶען וַואר יַעֲקֹב'ס בְּרוּנֶען.
אוּנְד יֵשׁוּעַ וַואר מִיד פוּן דֶעם וֶועג,
אוּנְד הָאט זִיךְ אַזוֹי אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט בֵּייא
דֶעם בְּרוּנֶען. אוּנְד עֶס וַואר קֶעגֶען
דֶער זֶעקְסְטֶער שָׁעָה :
7 אוּנְד אֵיינֶע פְרוֹיא פוּן שׁוֹמְרוֹן אִיז
גֶעקוּמֶען וַואסֶער צוּ שֶׁעפֶּען. אוּנְד
יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, גִיבּ מִיר
צוּ טְרִינְקֶען :
8 וָוארִין זַיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיין, כְּדֵי
זַייא זָאלֶען קוֹיפֶען צוּם עֶסֶען :
9 אַזוֹי הָאט דִיא פְרוֹיא פוּן שׁוֹמְרוֹן
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וִויא אַזוֹי פֶערְלַאנְגְסְט

דוּא פוּן מִיר אַ טְרִינְק, וָואס דוּא בִּיסְט
אַיין יְהוּדִי, אוּנְד אִיךְ בִּין אַיינֶע
שׁוֹמְרוֹנִית ? וָוארִין דִיא יוּדֶען הָאבֶּען
נִיט קֵיינֶע גֶעמֵיינְשַׁאפְט מִיט דִיא
שׁוֹמְרוֹנִים :
10 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶּערְט אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא הֶעסְט
גֶעווּאוּסְט דִיא גָאבּ פוּן גָאט, אוּנְד וֶוער
דָאס אִיז וָואס זָאגְט צוּ דִיר, גִיבּ מִיר
צוּ טְרִינְקֶען, אַזוֹי הֶעסְט דוּא אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד עֶר הֶעט דִיר גֶעגֶעבֶּען
לֶעבֶּעדִיג וַואסֶער :
11 אוּנְד דִיא פְרוֹיא הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, הַאר, דוּא הָאסְט דָאךְ נִיט
מִיט וָואס צוּ שֶׁעפֶּען, אוּנְד דֶער
בְּרוּנֶען אִיז טִיף. פוּן וַואנֶען הָאסְט דוּא
דֶען דָאס לֶעבֶּעדִיגֶע וַואסֶער ?
12 בִּיסְט דוּא דֶען גְרֶעסֶער ווִיא
אוּנְזֶער פָאטֶער יַעֲקֹב, וָואס הָאט אוּנְס
דֶעם בְּרוּנֶען גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט
דֶערְפוּן גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנְד זַיינֶע קִינְדֶער
אוּנְד זַיינֶע בְּהֵמוֹת ?
13 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶּערְט אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, אִיטְלִיכֶער וָואס
טְרִינְקְט פוּן דִיזֶען וַואסֶער וֶועט ווִידֶער
דָארְשְׁטִיג זַיין :
14 אָבֶּער וֶוער עֶס וֶועט טְרִינְקֶען פוּן
דֶעם וַואסֶער וָואס אִיךְ וֶועל אִיהְם
גֶעבֶּען, דֶער וֶועט אוֹיף אֵייבִּיג נִיט
דָארְשְׁטִיג זַיין ; נֵייעֶרְט דָאס וַואסֶער וָואס
אִיךְ וֶועל אִיהְם גֶעבֶּען, וֶועט אִין אִיהְם
וֶוערֶען אַיין בְּרוּנֶען מִיט וַואסֶער וָואס
וֶועט קְוֶועלֶען צוּם אֵייבִּיגֶען לֶעבֶּען :
15 אוּנְד דִיא פְרוֹיא הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, הַאר, גִיבּ מִיר דָאךְ דָאס
וַואסֶער, כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט דָארְשְׁטִיג
זַיין, אוּנְד זָאל נִיט בְּרוֹיכֶען אַהֶער צוּ
קוּמֶען צוּ שֶׁעפֶּען :
16 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
גֵייא אוּנְד רוּף דֵיין מַאן, אוּנְד קוּם אַהֶער :
17 אוּנְד דִיא פְרוֹיא הָאט גֶעעֶנְטפֶּערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין
מַאן, אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶע־
זָאגְט, דוּא הָאסְט רֶעכְט גֶעזָאגְט, אִיךְ
הָאבּ נִיט קֵיין מַאן :
18 וָוארִין דוּא הָאסְט שׁוֹין גֶעהַאט
פִינְף מֶענֶער, אוּנְד דֶעם וָואס דוּא
הָאסְט אַצוּנְד, אִיז נִיט דֵיין מַאן. דָאס
הָאסְט דוּא וָואהְר גֶעזָאגְט :
19 אוּנְד דִיא פְרוֹיא הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, הַאר, אִיךְ זֶעה אַז דוּא בִּיסְט
אַיין נָבִיא :
20 אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאבֶּען אוֹיף דִיזֶען
בַּארְג גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד אִיהְר זָאגְט, אַז
יְרוּשָׁלַיִם אִיז דֶער אָרְט וְואוּ מֶען מוּס
בֶּעטֶען :
21 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶע־
זָאגְט, פְרוֹיא, גְלוֹיבּ מִיר אַז דִיא צַייט
קוּמְט, וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט בֶּעטֶען צוּם
פָאטֶער אוֹיף דִיזֶען בַּארְג, אוּנְד אוֹיךְ
נִיט אִין יְרוּשָׁלַיִם :
22 אִיהְר בֶּעטֶעט, אִיהְר ווֵייסְט נִיט
צוּ וֶועמֶען ; אָבֶּער מִיר בֶּעטֶען צוּ דֶעם
וֶועלְכֶען מִיר קֶענֶען. וָוארִין דָאס הֵייל
(דִיא יְשׁוּעָה) אִיז פוּן דִיא יוּדֶען :
23 אָבֶּער דִיא צַייט קוּמְט, אוּנְד אִיז
אַצוּנְד, וֶוען דִיא וָואהְרֶע אָנְבֶּעטֶער
וֶועלֶען בֶּעטֶען צוּם פָאטֶער אִים גֵייסְט
אוּנְד אִין דֶער וָואהְרְהֵייט ; וָוארִין גָאט
זוּכְט אַזֶעלְכֶע אָנְבֶּעטֶער :
24 גָאט אִיז אַיין גֵייסְט, אוּנְד דִיא
וָואס טְהוּן צוּ אִיהְם בֶּעטֶען, מוּסֶען צוּ
אִיהְם בֶּעטֶען אִים גֵייסְט אוּנְד אִין דֶער
וָואהְרְהֵייט :



אונד

25 אוּנְד דִיא פְרויא הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, אִיךְ ווייס אַז דֶער מָשִׁיחַ
קוּמְט, וָואס הֵייסְט קְרִיסְטוּס. וֶוען עֶר
וֶועט קוּמֶען, וֶועט עֶר אוּנְס אַלֶעס זָאגֶען:
26 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
אִיךְ בִּין דֶערזֶעלְבֶּע וָואס רֶעד מִיט דִיר:
27 אוּנְד דֶערְוַויילֿ זֶענֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעווָאוּנְדֶערְט
דָאס עֶר הָאט גֶערֶעט מִיט דֶער פְּרויא.
אָבֶּער קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעזָאגְט, וָואס
ווילְסְט דוּא, אָדֶער וָואס רֶעדְסְט דוּא
מִיט אִיהְר?
28 אוּנְד דִיא פְּרויא הָאט אִיבֶּערְגֶעַר־
לָאזֶען אִיהְר וַואסֶערְקְרִיג, אוּנְד אִיז
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיין,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא לֵייט:
29 קוּמְט אוּנְד זֶעהְט אֵיין מַאן וָואס
הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעטְהוּן. אִיז דָאס נִיט דֶער מָשִׁיחַ?
30 אַזוֹי זֶענֶען זַייא אוֹיס דֶער שְׁטָאט
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען:
31 אִין דֶער צְווִישֶׁען הָאבֶּען אִיהְם
זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, רַבִּי, עֶס:
32 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
אִיךְ הָאבּ שְׁפֵּייז צוּ עֶסֶען, וָואס אִיהְר
ווייסְט נִיט:
33 דְרוּם הָאבֶּען דִיא תַּלְמִידִים צְווִישֶׁען
זִיךְ גֶעזָאגְט, הָאט אִיהְם אִימֶעצֶער
עֶפֶּעס גֶעבְּרַאכְט צוּ עֶסֶען?
34 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
מֵיינֶע שְׁפֵּייז אִיז, אַז אִיךְ זָאל טְהוּן
דֶעם ווילֶען פוּן דֶעם וָואס הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט, אוּנְד אַז אִיךְ זָאל עֶנְדִיגֶען
זַיין וֶוערְק:
35 זָאגְט אִיהְר נִיט, עֶס זֶענֶען נָאךְ
פִיר חֲדָשִׁים, אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶועט דִיא
שְׁנִיטְצַייט קוּמֶען? זֶעהְט, אִיךְ זָאג
אַייךְ, הֵייבְּט אוֹיף אֵיירֶע אוֹיגֶען, אוּנְד
קוּקְט אָן דִיא פֶעלְדֶער, אַז זַייא זֶענֶען
שׁוֹין ווייס פַאר דִיא שְׁנִיטְצַייט:
36 אוּנְד דֶער וָואס שְׁנֵיידֶעט נֶעמְט
אַ שָׂכָר, אוּנְד זַאמֶעלְט פְּרוּכְט צוּם
אֵייבִּיגֶען לֶעבֶּען, אַז דֶער וָואס זַייעֶט
אוּנְד דֶער וָואס שְׁנֵיידֶעט זָאלֶען זִיךְ
צוּזַאמֶען פְרֵייעֶן:
37 וָוארִין אִין דִיזֶען אִיז דָאס וָוארְט
וָואהְר, אֵיינֶער זַייעֶט אוּנְד דֶער אַנְ־
דֶערֶער שְׁנֵיידֶעט:
38 אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט צוּ שְׁנֵיידֶען
אִין דֶעם וָואס אִיהְר הָאט נִיט גֶעַר־
אַרְבֵּייט, אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט,
אוּנְד אִיהְר זֶענְט אִין זֵיירֶע אַרְבֵּייט
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען:
39 אוּנְד פִילֶע פוּן דִיא שׁוֹמְרוֹנִים
אוֹיס דִיזֶער שְׁטָאט הָאבֶּען אָן אִיהְם
גֶעגְלוֹיבְּט, דוּרְךְ דִיא רֵייד פוּן דֶער
פְּרוֹיא, וָואס זִיא הָאט בֶּעצֵייגְט, עֶר
הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַלֶעס וָואס אִיךְ
הָאבּ גֶעטְהוּן:
40 דְרוּם וֶוען דִיא שׁוֹמְרוֹנִים זֶענֶען
צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען זַייא אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל בֵּייא זַייא בְּלֵייבֶּען.
אוּנְד עֶר אִיז דָארְטֶען גֶעבְּלִיבֶּען צְווֵייא
טֶעג:
41 אוּנְד פִילֶע מֶעהְר הָאבֶּען גֶעַר־
גְלוֹיבְּט דוּרְךְ זַיינֶע אֵייגֶענֶע רֵייד:
42 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ דֶער פְּרוֹיא
גֶעזָאגְט, מִיר גְלוֹיבֶּען אַצוּנְד נִיט נוּר
דוּרְךְ דֵיינֶע רֵייד. וָוארִין מִיר הָאבֶּען
אִיהְם אַלֵיין גֶעהֶערְט, אוּנְד מִיר ווייסֶען
אַז דָאס אִיז בֶּאֱמֶת דֶער מָשִׁיחַ, דֶער
גוֹאֵל פוּן דֶער וֶועלְט:

43 אוּנְד נָאךְ דִיא צְווייא טֶעג אִיז עֶר פוּן דָארְט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ גָלִיל׃

44 וָוארִין יֵשׁוּעַ זֶעלְבְּסְט הָאט מֵעִיד גֶעוֶועזֶען, אַז אֵיין נָבִיא הָאט נִיט קֵיין כָּבוֹד אִין זֵיין אֵייגֶען לַאנְד׃

45 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ גָלִיל, אַזוֹי הָאבֶּען אִיהְם דִיא לֵייט פוּן גָלִיל אוֹיפְגֶענוּמֶען, ווייל זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן אִין יְרוּשָׁלַיִם אוֹיף דֶעם יוֹם טוֹב. וָוארִין זֵייא זֶענֶען אוֹיךְ גֶעקוּמֶען צוּם יוֹם טוֹב׃

46 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז ווִידֶער גֶעקוּמֶען נָאךְ קָנָא אִין גָלִיל, וְואוּ עֶר הָאט גֶעמַאכְט דָאס וַואסֶער צוּ וויין; אוּנְד דָא וַואר אֵיין עֶדֶעלְמַאן, וָואס זֵיין זוּהְן וַואר קְרַאנְק אִין כְּפַר־נַחוּם׃

47 וֶוען דִיזֶער הָאט גֶעהֶערְט אַז יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען פוּן יְהוּדָה נָאךְ גָלִיל, אַזוֹי אִיז עֶר צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל אַרוּפְקוּמֶען אוּנְד זָאל זֵיין זוּהְן הֵיילֶען. וָוארִין עֶר וַואר טוֹיט קְרַאנְק׃

48 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט זֶעהֶען קֵיינֶע וְואוּנְדֶער אוּנְד צֵייכֶען, וֶועט אִיהְר נִיט גְלוֹיבֶּען׃

49 אוּנְד דֶער עֶדֶעלְמַאן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, קוּם אַרוּפ אֵיידֶער מֵיין קִינְד שְׁטַארְבְּט׃

50 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא אַהֵיים, דֵיין זוּהְן לֶעבְּט. אוּנְד דֶער מַאן הָאט גֶעגְלוֹיבְּט דָאס וָוארְט וָואס יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען׃

51 אוּנְד וִויא עֶר אִיז אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען אִיהְם זֵיינֶע קְנֶעכְט עֶנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם דֶערְצֵיילְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֵיין קִינְד לֶעבְּט׃

52 אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא גֶעפְרֶעגְט דִיא שָׁעָה וֶוען עֶר אִיז בֶּעסֶער גֶעוָוארֶען; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעכְטֶען אִין דֶער זִיבֶּעטֶער שָׁעָה הָאט אִיהְם דָאס פִיבֶּער פֶערְלָאזְט׃

53 אַזוֹי הָאט דֶער פָאטֶער גֶעווְאוּסְט אַז עֶס וַואר אִין דֶער גֶעמְלִיכֶער שָׁעָה, וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט דֵיין זוּהְן לֶעבְּט. אוּנְד עֶר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעס הוֹיזְגֶעזִינְד׃

54 דָאס אִיז ווִידֶער דָאס צְווייטֶע וְואוּנְדֶער וָואס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעטְהוּן, וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען פוּן יְהוּדָה נָאךְ גָלִיל׃

## קאפיטעל ה

1 נָאךְ דִיזֶען וַואר אֵיין יוֹם טוֹב פוּן דִיא יוּדֶען, אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם׃

2 אוּנְד דָא אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם בֵּייא דֶעם שָׁאפְּטְהָאר אֵיין טֵייךְ, וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען אוֹיף הֶעבְּרֶעאִישׁ בֵּית־חַסְדָא, אוּנְד עֶס הָאט פִינְף הַאלְלֶען׃

3 אִין דִיזֶע זֶענֶען גֶעלֶעגֶען אֵיינֶע גְרוֹיסֶע מַאסֶע פוּן קְרַאנְקֶע, בְּלִינְדֶע, הִינְקֶעדִיגֶע, פֶערְדַארְטֶע, וָואס הָאבֶּען גֶעוַוארְט אַז דָאס וַואסֶער זָאל זִיךְ בֶּעוֶועגֶען׃

4 וָוארִין אֵיין מַלְאָךְ אִיז צוּ צֵייטֶען אִין דֶעם טֵייךְ אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט דָאס וַואסֶער בֶּעוְואוּגֶען. אוּנְד וֶוער עֶס אִיז צוּם עֶרְשְׁטֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ דֶער בֶּעוֶועגוּנְג פוּן דֶעם וַואסֶער, דֶער אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען פוּן וָואס פַאר אֵיין קְרֶענְק עֶר הָאט גֶעהָאט׃

5 אוּנְד דָארְטֶען וַואר אֵיין מַאן וָואס וַואר אַכְט אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר קְרַאנְק :

6 וִויא יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען לִיגֶען, אוּנְד הָאט גֶעוְואוּסְט אַז עֶר אִיז שׁוֹין לַאנְג אַזוֹי גֶעלֶעגֶען, הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, ווילְסט דוּא גֶעהֵיילְט װֶערֶען ?

7 אוּנְד דֶער קְרַאנְקֶער הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטפֶערְט, הַאר, אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין מֶענְשׁ, אַז עֶר זָאל מִיךְ אִין דֶעם טֵייךְ אַרֵיינְלָאזֶען װֶען דָאס וַואסֶער בֶּעװֶעגְט זִיךְ. אוּנְד וֵוייל אִיךְ קוּם, אַזוֹי גֵייט אֵיין אַנְדֶערֶער פַאר מִיר אַרֵיין :

8 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אוּיף, נֶעם דֵיין בֶּעט אוּנְד גֵייא אַרוּם :

9 אוּנְד דֶער מַאן אִיז בַּאלְד גֶעזוּנְד גֶעװָארֶען, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען זֵיין בֶּעט, אוּנְד אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען. אוּנְד דִיזֶער טָאג וַואר שַׁבָּת :

10 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם וָואס וַואר גֶעהֵיילְט, עֶס אִיז הֵיינְט שַׁבָּת, דוּא טָארְסְט נִיט טְרָאגֶען דֵיין בֶּעט :

11 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעעֶנְטפֶערְט, דֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶעהֵיילְט, דֶער הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, נֶעם דֵיין בֶּעט אוּנְד גֵייא אַרוּם :

12 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, װֶער אִיז דֶער מַאן וָואס הָאט צוּ דִיר גֶעזָאגְט, נֶעם דֵיין בֶּעט אוּנְד גֵייא אַרוּם ?

13 אָבֶּער דֶער וָואס וַואר גֶעהֵיילְט הָאט נִיט גֶעװוּסְט װֶער עֶר אִיז. וָוארִין יֵשׁוּעַ אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, וֵוייל דָא וַואר פִיל פָאלְק, אִין דֶעם אָרְט :

14 דֶערְנָאךְ הָאט אִיהְם יֵשׁוּעַ גֶעפוּנֶען אִין דֶעם בֵּית־הַמִקְדָשׁ, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא בִּיזְט נוּן גֶעהֵיילְט גֶעװָארֶען. זִינְדִיג נִיט מֶעהְר, כְּדֵי עֶס זָאל דִיר נִיט עֶפֶּעס עֶרְגֶערְס גֶעשֶׁעהֶען :

15 אוּנְד דֶער מַאן אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא יוּדֶען אַז עֶס וַואר יֵשׁוּעַ, וָואס הָאט אִיהְם גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט :

16 אוּנְד דָארוּם הָאבֶּען דִיא יוּדֶען יֵשׁוּעַ פֶערְפָאלְגְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען, וֵוייל עֶר הָאט דָאס גֶעטְהוּן אַם שַׁבָּת :

17 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטפֶערְט, מֵיין פָאטֶער װֶערְקְט בִּיז אַצוּנְד, אוּנְד אִיךְ װֶערְק :

18 אוּנְד דוּרְךְ דֶעם הָאבֶּען אִיהְם דִיא יוּדֶען נָאךְ מֶעהְר גֶעזוּכְט אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען, וֵוייל עֶר הָאט נִיט אַלֵיין מְחַלֵל שַׁבָּת גֶעװֶעזֶען, נֵייעֶרְט עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעזָאגְט, אַז גָאט אִיז זֵיין פָאטֶער, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט גְלֵייךְ צוּ גָאט :

19 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פַארְוָואהְר, פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ, דֶער זוּהְן קֶען גָאר נִיט טְהוּן פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט, חוּץ דָאס וָואס עֶר זֶעהְט דֶעם פָאטֶער טְהוּן. וָוארִין דִיא זַאכֶען וָואס דֶער פָאטֶער טְהוּט, דָאס טְהוּט אוֹיךְ דֶער זוּהְן :

20 וָוארִין דֶער פָאטֶער לִיבְּט דֶעם זוּהְן, אוּנְד וֵוייזְט אִיהְם אַלֶעס וָואס עֶר טְהוּט. אוּנְד עֶר װֶעט אִיהְם וֵוייזֶען גְרֶעסֶערֶע מַעֲשִׂים וִויא דִיזֶע, אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ וְואוּנְדֶערְן :

21 וָוארִין אַזוֹי וִויא דֶער פָאטֶער װֶעקְט אוּיף דִיא טוֹיטֶע אוּנְד מַאכְט זֵייא לֶעבֶּעדִיג, אַזוֹי מַאכְט דֶער זוּהְן

אויךְ לֶעבֶּעדיג וָועמֶען עֶר ווִיל:
22 וָוארִין דֶער פָּאטֶער טְהוּט קֵיינֶעם
נִיט רִיכְטֶען, נֵייעֶרְט עֶר הָאט דָאס
גַאנְצֶע מִשְׁפָּט צוּ דֶעם זוּהְן אִיבֶּערגֶע־
גֶעבֶּען:
23 כְּדֵי אַלֶע זָאלֶען עֶהְרֶען דֶעם זוּהְן,
אַזוֹי ווִיא זַייא עֶהְרֶען דֶעם פָּאטֶער.
וֶוער עֶס טְהוּט נִיט דֶעם זוּהְן עֶהְרֶען,
דֶער עֶהְרט נִיט דֶעם פָּאטֶער וָואס הָאט
אִיהְם גֶעשִׁיקְט:
24 פַארְוָואהְר, פַארְוָואהר זָאג אִיךְ אֵייךְ,
וֶוער עֶס הֶערְט מֵיין וָוארְט, אוּנְד גְלוֹיבְּט
אָן אִיהְם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, דֶער
הָאט דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען. אוּנְד עֶר
וֶועט נִיט קוּמֶען צוּם גֶערִיכְט, נֵייעֶרְט
עֶר אִיז אִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען פוּן טוֹיט צוּם
לֶעבֶּען:
25 פַארְוָואהְר, פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ
אֵייךְ, אַז דִיא צֵייט קוּמְט, אוּנְד אִיז
אַפִּילוּ אַצוּנְד דָא, וֶוען דִיא טוֹיטֶע
וֶועלֶען הֶערֶען דָאס קוֹל פוּן דֶעם זוּהְן
פוּן גָאט, אוּנְד דִיא וָואס וֶועלֶען הֶערֶען,
וֶועלֶען לֶעבֶּען:
26 וָוארִין אַזוֹי ווִיא דֶער פָּאטֶער הָאט
לֶעבֶּען אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אַזוֹי הָאט עֶר
אוֹיךְ צוּם זוּהְן גֶעגֶעבֶּען אַז עֶר זָאל
הָאבֶּען לֶעבֶּען אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט:
27 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אוֹיךְ מַאכְט
גֶעגֶעבֶּען אַז עֶר זָאל מִשְׁפָּט הַאלְטֶען,
ווייל עֶר אִיז דֶער בֶּן־אָדָם:
28 פֶערְוְואוּנְדֶערְט אַייךְ נִיט אִיבֶּער
דִיזֶען. וָוארִין דִיא צֵייט קוּמְט, וֶוען אַלֶע
וָואס זֶענֶען אִין דִיא קְבָרִים וֶועלֶען
הֶערֶען זֵיין קוֹל:
29 אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען גוּטֶעס גֶע־
טְהוּן, וֶועלֶען אַוֶועקְגֵיין צוּם אוֹיפְשְׁטַאנְד
פוּן לֶעבֶּען. אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען
שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן, צוּם אוֹיפְשְׁטַאנְד
פוּן מִשְׁפָּט:
30 אִיךְ קֶען פוּן מִיר זֶעלְבְּסְט גָאר
נִיט טְהוּן. אַזוֹי ווִיא אִיךְ הֶערֶע, טְהוּא
אִיךְ רִיכְטֶען. אוּנְד מֵיין מִשְׁפָּט אִיז גֶע־
רֶעכְט. וָוארִין אִיךְ זוּךְ נִיט מֵיין ווִילֶען,
נֵייעֶרְט דֶען ווִילֶען פוּן מֵיין פָּאטֶער
וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט:
31 וֶוען אִיךְ זָאג עֵדוּת אוֹיף מִיר
זֶעלְבְּסְט, אַזוֹי אִיז מֵיין עֵדוּת נִיט
וָואהְר:
32 דָא אִיז אֵיין אַנְדֶערֶער וָואס זָאגְט
עֵדוּת אוֹיף מִיר; אוּנְד אִיךְ ווייס אַז
דָאס עֵדוּת וָואס עֶר זָאגְט אוֹיף מִיר
אִיז וָואהְר:
33 אִיהְר הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ יוֹחָנָן, אוּנְד
עֶר הָאט עֵדוּת גֶעזָאגְט צוּ דֶער
וָואהְרְהֵייט:
34 אָבֶּער אִיךְ נֶעם נִיט קֵיין צֵייגְנִיס
פוּן אֵיין מֶענְשׁ. אָבֶּער אִיךְ זָאג דָאס,
אַז אִיהְר זָאלְט גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען:
35 עֶר וַואר אֵיין בְּרֶענֶענְדֶעס אוּנְד
אֵיין שֵׁיינֶענְדֶעס לִיכְט. אוּנְד אִיהְר הָאט
אֵייךְ גֶעוָואלְט פְרֵייעֶן אָן זֵיין לִיכְט
פַאר אֵיינֶע צֵייט:
36 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אֵיין גְרֶעסֶערֶען
עֵדוּת ווִיא יוֹחָנָן. וָוארִין דִיא מַעֲשִׂים
וָואס דֶער פָּאטֶער הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען
אַז אִיךְ זָאל זַייא עֶנְדִיגֶען, דִיזֶע מַעֲשִׂים
וָואס אִיךְ טְהוּא, זָאגֶען עֵדוּת אוֹיף מִיר,
אַז דֶער פָּאטֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט:
37 אוּנְד דֶער פָּאטֶער וָואס הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט, הָאט זֶעלְבְּסְט עֵדוּת גֶעזָאגְט
אוֹיף מִיר. אוּנְד אִיהְר הָאט זֵיין קוֹל
קֵיינְמָאל נִיט גֶעהֶערְט, אוּנְד הָאט נִיט
גֶעזֶעהֶען זֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט:
38 אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט זֵיין וָוארְט

אין איך װאױנגען. װאָרין װעמען ער
האָט געשיקט, דעם גלױבט איהר ניט ׃
39 זוכט אין דער שריפט. װאָרין איהר
מיינט אַז איהר האָט דרינגען דאָס
איביגע לעבען. אונד דיא דאָזיגע זאָגען
עס װאָס זאָגען עדות אויף מיר ׃
40 אונד איהר װילט ניט צו מיר
קומען, כּדי איהר זאָלט האָבען דאָס
לעבען ׃
41 איך ענטפאַנג ניט קיין כּבוד פון
מענשען ׃
42 אָבער איך קען איך אַז איהר
האָט ניט דיא ליבשאַפט פון גאָט אין
איך ׃
43 איך בין געקומען אין מיין פאָטערס
נאָמען, אונד איהר נעמט מיך ניט אָן,
װען איין אַנדערער װעט קומען אין
זיין אייגענעם נאָמען, דעם װעט איהר
אָננעמען ׃
44 װיא אַזױ קענט איהר גלױבען,
װען איהר ענטפאַנגט כּבוד איינער פון
דעם אַנדערן, אונד זוכט ניט דעם
כּבוד װאָס איז פון גאָט אַליין ׃
45 דענקט ניט אַז איך װעל איך
פערקלאָגען פאַר דעם פאָטער ; דאָ איז
איינער װאָס פערקלאָגט איך, משה,
אין װעלכען איהר פערזיכערט איך ׃
46 װאָרין װען איהר העט געגלױבט
אין משה, אַזױ העט איהר אין מיר
אויך געגלױבט ; װאָרין ער האָט פון
מיר געשריבען ׃
47 אָבער װען איהר גלױבט ניט
זיינע שריפטען, װיא אַזױ װערט איהר
גלױבען מיינע רייד ?

קאַפּיטעל ו

1 נאָך דיזען איז ישוע אַװעקגעגאַנגען
אויף דער אַנדערער זייט פון ים הגליל,
װאָס איז דאָס ים פון טבריה ׃
2 אונד איין גרױס פאָלק האָט איהם
נאָכגעפאָלגט, װאָרין זייא האָבען געזעהען
זיינע װאונדער װאָס ער האָט
געטהון צו דיא קראַנקע ׃
3 אונד ישוע איז אויף איין באַרג
אַרױפגעגאַנגען, אונד איז דאָרטען געזעסען
מיט זיינע תּלמידים ׃
4 אונד עס װאַר נאָהענט צום חג
הפּסח, דער יום טוב פון דיא יודען ׃
5 אונד װען ישוע האָט דיא אױגען
אױפגעהױבען, אונד האָט געזעהען אַז
איין גרױס פאָלק קומט צו איהם, אַזױ
האָט ער צו פיליפּוס געזאָגט, פון
װאַנען זאָלען מיר קױפען ברױט, אַז
דיזע זאָלען עסען ?
6 אונד דאָס האָט ער געזאָגט כּדי
איהם צו פּרופען. װאָרין ער האָט געװוסט װאָס ער װעט טהון ׃
7 אונד פיליפּוס האָט איהם געענטפערט, פאַר צװייא הונדערט גילדען
ברױט איז ניט גענוג פאַר זייא. אַז
איטליכער פון זייא זאָל נור איין
שטיקעל נעמען ׃
1 אונד אַנדרי, איינער פון זיינע
תּלמידים, דער ברודער פון שמעון
פּעטרוס, האָט צו איהם געזאָגט ׃
9 דאָ איז איין יונגעל, װאָס האָט
פינף גערשטענע ברױט אונד צװייא
פיש, אָבער װאָס איז דאָס פאַר אַזױ
פיל ׃
10 אונד ישוע האָט געזאָגט, הייסט
דיא לייט זיך אַנידערזעצען. אונד דאָ
װאַר פיל גראָז אויף דעם אָרט. אַזױ
האָבען זיך דיא לייט אַנידערגעזעצט
איין ערך פינף טױזענד אין דער צאָהל ׃
11 אונד ישוע האָט גענומען דאָס

בְּרויט, אוּנְד הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט,
אוּנְד הָאט עֶס פֶערְטֵיילְט צוּ דִיא
תַּלְמִידִים, אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים צוּ דִיא
וָואס הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט. אוּנְד
אַזוֹי אוֹיךְ פוּן דִיא פִישׁ וִויא פִיל זַייא
הָאבֶּען גֶעוָואלְט:
12 וָוען זַייא וַוארֶען גֶעזֶעטִיגְט, הָאט
עֶר צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, נֶעמְט
צוּזַאמֶען דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע בְּרֶעקְ־
לֶעךְ, אַז עֶס זָאל גָאר נִיט פֶערְלוֹירֶען
גֵיין:
13 אַזוֹי הָאבֶּען זַייא צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען,
אוּנְד הָאבֶּען אָנְגֶעפִילְט צְוֶועלְף קֶערְבּ
מִיט בְּרֶעקְלֶעךְ פוּן דִיא פִינְף גֶערְשְׁטֶענֶע
בְּרויט, וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן
דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען:
14 אוּנְד דִיא לֵייט, וָואס הָאבֶּען גֶע־
זֶעהֶען דָאס וְואוּנְדֶער וָואס יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעטְהוּן, הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז גֶע־
וִויס דֶער נָבִיא, וָואס זָאל קוּמֶען אִין
דֶער וֶועלְט אַרֵיין:
15 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעוְואוּסְט אַז זַייא
וֶועלֶען קוּמֶען אוּנְד וֶועלֶען אִיהְם
נֶעמֶען מִיט גֶעוַואלְד, אַז זַייא זָאלֶען
אִיהְם מַאכֶען פַאר אֵיין מֶלֶךְ; אַזוֹי אִיז
עֶר ווִידֶער אַלֵיין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ
אֵיין בַּארְג:
16 אוּנְד וָוען עֶס וַואר אָבֶענְד, זֶענֶען
זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּם יַם אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען:
17 אוּנְד זַייא זֶענֶען אִין אֵיין שִׁיף
אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען אִיבֶּער דֶעם
יַם אַרִיבֶּערְגֶעפָארֶען נָאךְ כְּפַר־נַחוּם;
אוּנְד עֶס וַואר שׁוֹין פִינְסְטֶער, אוּנְד
יֵשׁוּעַ אִיז נִיט צוּ זַייא גֶעקוּמֶען:
18 אוּנְד דָאס יַם הָאט זִיךְ דֶערְ־
הוֹיבֶּען, וֶוענֶען אֵיין גְרויסֶען ווִינְד וָואס
הָאט גֶעבְּלָאזֶען:
19 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶערוּדֶערְט
אֵיין עֶרֶךְ פוּן פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג
אָדֶער דְרֵייסִיג אַקֶער פֶעלְד וַוייט, אַזוֹי
הָאבֶּען זַייא גֶעזֶעהֶען יֵשׁוּעַ אַרוּמְגֵיין
אוֹיף דֶעם יַם, אוּנְד עֶס וַואר נָאהְנְט
צוּ דֶעם שִׁיף. אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ
גֶעפָארְכְטֶען:
20 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
אִיךְ בִּין עֶס, פָארְכְט אֵייךְ נִיט:
21 אַזוֹי הָאבֶּען זַייא אִיהְם גֶעוָואלְט
אַרֵיינְגֶעמֶען אִין דֶעם שִׁיף. אוּנְד דָאס
שִׁיף וַואר בַּאלְד בֵּייא דֶעם לַאנְד אַוְואוּ
אַהִין זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען:
22 צוּ מָארְגֶען, וֶוען דָאס פָאלְק וָואס
אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער
זַייט יַם הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶס אִיז נִיט
דָארְט גֶעוֶועזֶען קֵיין אַנְדֶערֶעס שִׁיף,
נֵייעֶרְט דָאס יֶענִיגֶע אִין וֶועלְכֶעס זַיינֶע
תַּלְמִידִים זֶענֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
אַז יֵשׁוּעַ אִיז נִיט גֶעקוּמֶען מִיט זַיינֶע
תַּלְמִידִים אִין דֶעם שִׁיף אַרֵיין, נֵייעֶרְט
זַיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען אַלֵיין אַוֶועקְגֶע־
גַאנְגֶען:
23 (אָבֶּער עֶס זֶענֶען אַנְדֶערֶע שִׁיפֶען
גֶעקוּמֶען פוּן טְבֶרְיָה, נָאהְנְט צוּ דֶעם
אָרְט וְואוּ זַייא הָאבֶּען דָאס בְּרויט גֶע־
גֶעסֶען, וֶוען דֶער הַאר הָאט גֶעדַאנְקְט):
24 דְרוּם וֶוען דָאס פָאלְק הָאט גֶע־
זֶעהֶען אַז יֵשׁוּעַ אִיז נִיט דָארְט, אוּנְד
זַיינֶע תַּלְמִידִים אוֹיךְ נִיט, זֶענֶען זַייא
אוֹיךְ אִין שִׁיפֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאךְ כְּפַר־נַחוּם, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזוּכְט יֵשׁוּעַ:
25 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
פוּנֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער זַייט יַם,
הָאבֶּען זַייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי,
וֶוען בִּיסְט דוּא אַהֶער גֶעקוּמֶען?

26 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, בְּאֱמֶת, בְּאֱמֶת זָאג
אִיךְ אֵייךְ, אִיהְר זוּכְט מִיךְ נִיט וֵוייל
אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא וְואוּנְדֶער,
נֵייעֶרְט וֵוייל אִיהְר הָאט גֶעגֶעסֶען פוּן
דֶעם בְּרוֹיט אוּנְד זֵייט זַאט גֶעוָוארֶען׃
27 אַרְבֵּייט נִיט פַאר דֶער שְׁפֵּייז וָואס
וֶוערְט פֶערְלוֹירֶען, נֵייעֶרְט פַאר דֶער
שְׁפֵּייז וָואס בְּלֵייבְּט צוּם אֵייבִּיגֶען
לֶעבֶּען, וָואס דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט אֵייךְ
גֶעבֶּען. וָוארִין אִיהְם הָאט גָאט דֶער
פָאטֶער פֶערְזִיגֶעלְט׃
28 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן, אַז מִיר זָאלֶען
וֶוערְקֶען דִיא וֶוערְק פוּן גָאט?
29 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
דָאס אִיז דָאס וֶוערְק פוּן גָאט, אַז
אִיהְר זָאלְט גְלוֹיבֶּען אָן אִיהְם וֶועלְכֶען
עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט׃
30 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וָואס פַאר אַ וְואוּנְדֶער טְהוּסְט דוּא
דֶען. אַז מִיר זָאלֶען זֶעהֶען אוּנְד זָאלֶען
דִיר גְלוֹיבֶּען? וָואס טְהוּסְט דוּא
וֶוערְקֶען?
31 אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען
מָן אִין דֶער מִדְבָּר, אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט
גֶעשְׁרִיבֶּען, עֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען צוּ
עֶסֶען בְּרוֹיט פוּן הִימֶעל׃
32 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
בְּאֱמֶת, בְּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, משֶׁה
הָאט אֵייךְ נִיט גֶעגֶעבֶּען דָאס בְּרוֹיט
פוּן הִימֶעל. אָבֶּער מֵיין פָאטֶער גִיבְּט
אֵייךְ דָאס וָואהְרֶע בּרוֹיט פוּן הִימֶעל׃
33 וָוארִין דָאס בְּרוֹיט פוּן גָאט אִיז
דֶער וָואס קוּמְט אַרוּפּ פוּן הִימֶעל
אוּנְד גִיבְּט לֶעבֶּען צוּ דֶער וֶועלְט׃
34 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, הַאר, גִיבּ אוּנְס תָּמִיד דָאס
בְּרוֹיט׃
35 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט אִיךְ בִּין דָאס בְּרוֹיט פוּן דֶעם
לֶעבֶּען. דֶער וָואס קוּמְט צוּ מִיר, וֶועט
נִיט הוּנְגְרִיג זֵיין; אוּנְד דֶער וָואס
גְלוֹיבְּט אָן מִיר, וֶועט קֵיינְמָאל נִיט
דָארְשְׁטִיג זֵיין׃
36 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אַז
אִיהְר הָאט מִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד דָאךְ
גְלוֹיבְּט אִיהְר נִיט׃
37 אַלֶעס וָואס דֶער פָאטֶער גִיבְּט
מִיר וֶועט צוּ מִיר קוּמֶען. אוּנְד וֶוער
עֶס וֶועט צוּ מִיר קוּמֶען, דֶעם וֶועל
אִיךְ נִיט אַרוֹיסְוַוארְפֶען׃
38 וָוארִין אִיךְ בִּין אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּם
הִימֶעל, נִיט אַז אִיךְ זָאל מֵיין ווִילֶען
טְהוּן, נֵייעֶרְט דֶעם ווִילֶען פוּן אִיהְם
וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט׃
39 אוּנְד דָאס אִיז דֶער ווִילֶען פוּן
דֶעם פָאטֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט,
אַז אִיךְ זָאל נִיט פֶערְלִירֶען פוּן אַלֶעס
וָואס עֶר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען, נֵייעֶרְט
אַז אִיךְ זָאל עֶס אוֹיפְוֶועקֶען אִין דֶעם
לֶעצְטֶען טָאג׃
40 אוּנְד דָאס אִיז דֶער ווִילֶען פוּן
דֶעם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אַז
אִיטְלִיכֶער וָואס זֶעהְט דֶעם זוּהְן, אוּנְד
גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם, זָאל הָאבֶּען דָאס
אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען. אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם
אוֹיפְוֶועקֶען אִין דֶעם לֶעצְטֶען טָאג׃
41 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא יוּדֶען אוֹיף אִיהְם
גֶעמוּרְמֶעלְט, וֵוייל עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
אִיךְ בִּין דָאס בְּרוֹיט וָואס אִיז אַרוּפְּ־
גֶעקוּמֶען פוּם הִימֶעל׃
42 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיז נִיט
דָאס יֵשׁוּעַ, דֶער זוּהְן פוּן יוֹסֵף, וָואס

מִיר קֶענֶען זַיין פָאטֶער אוּנְד מוּטֶער ?
וויא אַזוֹי זָאגְט, עֶר דֶען, אִיךְ בִּין
אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּם הִימֶעל ?
43 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מוּרְמֶעלְט נִיט
אוּנְטֶער אֵיינְאַנְדֶער :
44 קֵיינֶער קֶען נִיט צוּ מִיר קוּמֶען,
אוֹיסגֶענוּמֶען דֶער פָאטֶער וָואס הָאט
מִיךְ גֶעשִׁיקְט וֶועט אִיהְם צִיהֶען, אוּנְד
אִיךְ וֶועל אִיהְם אוֹיפְוֶועקֶען אִין דֶעם
לֶעצְטֶען טָאג :
45 עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיא
נְבִיאִים, זֵייא וֶועלֶען אַלֶע גֶעלֶעהְרְט זַיין
פוּן גָאט. דְרוּם אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט
גֶעהֶערְט אוּנְד גֶעלֶערְנְט פוּן דֶעם
פָאטֶער, דֶער קוּמְט צוּ מִיר :
46 נִיט דָאס אִימֶעצֶער הָאט גֶעזֶע־
הֶען דֶעם פָאטֶער, נֵייעֶרְט דֶער וָואס
אִיז פוּן גָאט, דֶער הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם
פָאטֶער :
47 בְּאֶמֶת, בְּאֶמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוער
עֶס גְלוֹיבְּט אָן מִיר, הָאט דָאס אֵייבִּיגֶע
לֶעבֶּען :
48 אִיךְ בִּין דָאס בְּרוֹיט פוּן דֶעם
לֶעבֶּען :
49 אֵיירֶע אָבוֹת הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען מָן
אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנְד זֶענֶען גֶע־
שְׁטָארְבֶּען :
50 דָאס אִיז דָאס בְּרוֹיט וָואס קוּמְט
אַרוּפּ פוּם הִימֶעל, דָאס וֶוער עֶס
וֶועט דֶערְפוּן עֶסֶען, דֶער וֶועט נִיט
שְׁטַארְבֶּען :
51 אִיךְ בִּין דָאס לֶעבֶּעדִיגֶע בְּרוֹיט,
וָואס אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּם הִימֶעל.
וֶוער עֶס וֶועט עֶסֶען פוּן דִיזֶען בְּרוֹיט,
דֶער וֶועט אֵייבִּיג לֶעבֶּען. אוּנְד דָאס
בְּרוֹיט וָואס אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען אִיז מֵיין
פְלֵייש, וָואס אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען פַאר דֶעם
לֶעבֶּען פוּן דֶער וֶועלְט :
52 אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא יוּדֶען צְווִישֶׁען
זִיךְ גֶעצַאנְקְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
וויא אַזוֹי קֶען אוּנְס דִיזֶער גֶעבֶּען זַיין
פְלֵייש צוּ עֶסֶען ?
53 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
בְּאֶמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוען אִיהְר וֶועט
נִיט עֶסֶען דָאס פְלֵייש פוּן דֶעם בֶּן־
אָדָם, אוּנְד וֶועט נִיט טְרִינְקֶען זַיין
בְּלוּט, אַזוֹי הָאט אִיהְר קֵיין לֶעבֶּען נִיט
אִין אֵייךְ :
54 וֶוער עֶס עֶסְט מֵיין פְלֵייש, אוּנְד
טְרִינְקְט מֵיין בְּלוּט, הָאט דָאס אֵייבִּיגֶעס
לֶעבֶּען. אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם אוֹיפְ־
וֶועקֶען אִין דֶעם לֶעצְטֶען טָאג :
55 וָוארִין מֵיין פְלֵייש אִיז וָואהרְהַאפְ־
טִיגֶע שְׁפֵּייז, אוּנְד מֵיין בְּלוּט אִיז
וָואהרְהַאפְטִיגֶעס גֶעטְרֶענְק :
56 דֶער וָואס עֶסְט מֵיין פְלֵייש אוּנְד
טְרִינְקְט מֵיין בְּלוּט, דֶער וְואוֹינְט אִין
מִיר, אוּנְד אִיךְ אִין אִיהְם :
57 אַזוֹי וויא דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער פָאטֶער
הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אוּנְד אִיךְ לֶעבּ
דוּרְךְ דֶעם פָאטֶער, אַזוֹי דֶער וָואס
עֶסְט מִיךְ, דֶער וֶועט אוֹיךְ לֶעבֶּען דוּרְךְ
מִיר :
58 דָאס אִיז דָאס בְּרוֹיט וָואס אִיז
אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּם הִימֶעל. נִיט אַזוֹי
וויא אֵיירֶע אָבוֹת הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען מָן
אוּנְד זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען. דֶער וָואס
עֶסְט דִיזֶעס בְּרוֹיט וֶועט אֵייבִּיג לֶעבֶּען :
59 דִיזֶעס הָאט עֶר גֶעזָאגְט אִין דֶער
שׁוּל, וֶוען עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט אִין כְּפַר־
נַחוּם :
60 אוּנְד פִילֶע פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים,
וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען

זַייא גֶעזָאגְט, דָאס אִיז אֵיינֶע הַארְטֶע
רֵייד. װֶער קֶען דָאס הֶערֶען ?
61 אָבֶּער װֶען יֵשׁוּעַ הָאט אִין זִיךְ
גֶעוְואוּסְט אַז זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען
גֶעמוּרְמֶעלְט אִיבֶּער דִיזֶען, אַזוֹי הָאט
עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט, עֶרְגֶערְט אֵייךְ
דָאס ?
62 אוּנְד וִויא, װֶען אִיהְר װֶעט זֶעהֶען
דֶעם בֶּן־אָדָם אַרוֹיפְגֵיין װְאוּ עֶר אִיז
פְרִיהֶר גֶעװעֶזֶען ?
63 עֶס אִיז דֶער גֵייסְט וָואס מַאכְט
לֶעבֶּעדִיג. דָאס פְלֵיישׁ קוּמְט גָאר נִיט
צוּ נִיץ. דִיא רֵייד וָואס אִיךְ זָאג אֵייךְ
דִיא זֶענֶען גֵייסְט, אוּנְד זֶענֶען לֶעבֶּען :
64 אָבֶּער דָא זֶענֶען עֶטְלִיכֶע פוּן אֵייךְ
וָואס גְלוֹיבֶּען נִיט. וָוארִין יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעוְואוּסְט פוּן אָנְפַאנְג װֶעלְכֶע דִיא
זֶענֶען וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט,
אוּנְד װֶעלְכֶער עֶס אִיז וָואס װֶעט אִיהְם
פֶערְרַאטֶען :
65 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דְרוּם הָאבּ
אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אַז קֵיינֶער קֶען
נִיט קוּמֶען צוּ מִיר, אוֹיסְגֶענוּמֶען אַז
עֶס אִיז אִיהְם גֶעגֶעבֶּען פוּן מֵיין פָאטֶער :
66 פוּן דֶענְסְטְמָאל אָן זֶענֶען פִילֶע פוּן
זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּרִיק גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
זֶענֶען נִיט מֶעהְר מִיט אִיהְם אַרוּמְ־
גֶעגַאנְגֶען :
67 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ דִיא
צְװֶעלְף, װִוילְט אִיהְר אוֹיךְ אַװֶעקְגֵיין ?
68 אוּנְד שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס הָאט אִיהְם
גֶעעֶנְטְפֶערְט, הַאר, צוּ װֶעמֶען זָאלֶען
מִיר גֵיין ? דוּא הָאסְט דִיא רֵייד פוּן
דֶעם אֵייבִּיגֶען לֶעבֶּען :
69 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אוּנְד
דֶערְקֶענְט אַז דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ,
דֶער זוּהְן פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט :
70 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זַייא גֶעעֶנְטפֶערְט,
הָאבּ אִיךְ אֵייךְ נִיט אוֹיסְדֶערְװֶועהְלְט
צְװֶעלְף, אוּנְד אֵיינֶער פוּן אֵייךְ אִיז אַ
שָׂטָן ?
71 דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט אוֹיף יְהוּדָה
אִישׁ־קְרִיוֹת, דֶער זוּהְן פוּן שִׁמְעוֹן.
וָוארִין עֶר הָאט אִיהְם דֶערְנָאךְ פֶערְ־
רַאטֶען, אוּנְד עֶר וַואר אֵיינֶער פוּן דִיא
צְװֶעלְף :

## קאפיטעל ז

1 אוּנְד נָאךְ דִיזֶען אִיז יֵשׁוּעַ אַרוּמְ־
גֶעגַאנְגֶען אִין גָלִיל. וָוארִין עֶר הָאט
נִיט גֶעוָואלְט אַרוּמְגֵיין אִין יְהוּדָה, וֵוייל
דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט אוּמְ־
צוּבְּרֶענְגֶען :
2 אוּנְד דֶער יוּדִישֶׁער יוֹם טוֹב פוּן חַג
הַסּוּכּוֹת וַואר נָאהְנְט :
3 אַזוֹי הָאבֶּען זַיינֶע בְּרִידֶער צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, גֵייא אַװֶעק פוּן הִיר, אוּנְד
קוּם נָאךְ יְהוּדָה, אַז דֵיינֶע תַּלְמִידִים
זָאלֶען אוֹיךְ זֶעהֶען דִיא מַעֲשִׂים וָואס
דוּא טְהוּסְט :
4 וָוארִין קֵיינֶער טְהוּט נִיט אֵיין זַאךְ
אִין פֶערְבָּארְגְנִים, אוּנְד וִויל זָעלְבְּסְט
עֶפֶּענְטְלִיךְ בֶּעקֶענְט זַיין. װֶען דוּא
טְהוּסְט דִיזֶע זַאכֶען, זַייא דִיךְ מְגַלֶּה צוּ
דֶער װֶעלְט :
5 וָוארִין זַיינֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען אוֹיךְ
נִיט אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט :
6 דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
מֵיינֶע צֵייט אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען.
אָבֶּער אֵיירֶע צֵייט אִיז תָּמִיד פֶערְטִיג :
7 דִיא װֶעלְט קֶען אֵייךְ נִיט הַאסֶען.
אָבֶּער מִיךְ טְהוּט זִיא הַאסֶען, וֵוייל
אִיךְ זָאג עֵדוּת קֶעגֶען אִיהְר, אַז אִיהְרֶע
מַעֲשִׂים זֶענֶען שְׁלֶעכְט :
8 גֵייט אִיהְר אַרוֹיף צוּ דִיזֶען יוֹם טוֹב,

אָבֶּער אִיךְ ווִיל נָאךְ נִיט אַרוֹיפְגֵיין צוּ
דִיזֶען יוֹם טוֹב, ווָארִין מֵיינֶע צֵייט אִיז
נָאךְ נִיט דֶערפִילְט :
9 ווֶען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אַזוֹי
אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען אִין גָלִיל :
10 אוּנְד ווֶען זֵיינֶע בְּרִידֶער זֶענֶען
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אִיז עֶר דֶערְנָאךְ אוֹיךְ
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּם יוֹם טוֹב, נִיט
עֶפֶענְטְלִיךְ, נֵייעֶרְט ווִיא אִים פֶערְ־
בָּארְגֶענֶעם :
11 אוּנְד דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אִיהְם
גֶעזוּכְט אוֹיף דֶעם יוֹם טוֹב, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, ווְאוּ אִיז עֶר ?
12 אוּנְד דָא ווַאר אַיין גְרוֹיס גֶעמוּרְ־
מֶעל צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק ווֶעגֶען אִיהְם.
אוּנְד עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר אִיז
אַיין גוּטֶער מַאן. אָבֶּער אַנְדֶערֶע
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, נֵיין, נֵייעֶרְט עֶר אִיז
אַיין פֶערְפִיהְרֶער פוּן דִיא לֵייט :
13 אָבֶּער קֵיינֶער הָאט פוּן אִיהְם נִיט
עֶפֶענְטְלִיךְ גֶערֶעט, פַאר פוּרְכְט פַאר
דִיא יוּדֶען :
4 אוּנְד ווֶען עֶס ווַאר שׁוֹין אִין מִיטֶען
יוֹם טוֹב, אַזוֹי אִיז יֵשׁוּעַ אַרַיפְּגֶעגַאנְגֶען
אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרַיין, אוּנְד הָאט
גֶעלֶעהְרְט :
15 אוּנְד דִיא יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ פֶערְ־
ווְאוּנְדֶערְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, ווִיא
אַזוֹי קֶען דִיזֶער מַאן דִיא שְׁרִיפְטֶען,
ווֶען עֶר הָאט קֵיינְמָאל נִיט גֶעלֶערְנְט :
16 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, מֵיינֶע לֶערְ־
נוּנְג אִיז נִיט מֵיינֶע, נֵייעֶרְט פוּן אִיהְם
ווָאס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט :
17 ווֶען אֵיינֶער ווִיל זֵיין ווִילֶען טְהוּן,
אַזוֹי ווֶעט עֶר ווִיסֶען פוּן דֶער לֶערְנוּנְג,
אוֹיב עֶס אִיז פוּן גָאט, אָדֶער אוֹיב אִיךְ
רֶעד עֶס פוּן מִיר אַלֵיין :
18 דֶער ווָאס רֶעט פוּן זִיךְ אַלֵיין, זוּכְט
זֵיין אֵייגֶענֶעם כָּבוֹד. אָבֶּער דֶער ווָאס
זוּכְט דֶעם כָּבוֹד פוּן דֶעם ווָאס הָאט
אִיהְם גֶעשִׁיקְט, דֶער אִיז ווָאהְר, אוּנְד
עֶס אִיז קֵיין אוּמְרֶעכְט נִיט אִין אִיהְם :
19 הָאט אֵייךְ מֹשֶׁה נִיט גֶעגֶעבֶּען דִיא
תּוֹרָה, אוּנְד דָאךְ קֵיינֶער פוּן אֵייךְ הַאלְט
נִיט דִיא תּוֹרָה ? ווָארוּם זוּכְט אִיהְר
מִיךְ אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען ?
20 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט אַיין
שֵׁד, ווֶער זוּכְט דִיךְ אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען ?
21 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, אַיין ווֶערְק הָאבּ אִיךְ
גֶעטְהוּן, אוּנְד אִיהְר ווְאוּנְדֶערְט אֵייךְ
אַלֶע :
22 דָארוּם הָאט אֵייךְ מֹשֶׁה גֶעגֶעבֶּען
דִיא מִילָה, (נִיט ווֵייל עֶס אִיז פוּן מֹשֶׁה,
נֵייעֶרְט פוּן דִיא אָבוֹת,) אוּנְד אִיהְר
טְהוּט אַם שַׁבָּת אַיין מֶענְשׁ בֶּעשְׁנֵיידֶען
(מַל זֵיין) :
23 ווֶען אַיין מֶענְשׁ עֶנְטְפַאנְגְט מִילָה
אַם שַׁבָּת, כְּדֵי תּוֹרַת מֹשֶׁה זָאל נִיט
פֶערְשְׁטֶערְט ווֶערֶען, זֶענְט אִיהְר אִיבֶּער
מִיר בֵּייז, ווֵייל אִיךְ הָאבּ אַיין מֶענְשׁ
גַאנְץ גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט אַם שַׁבָּת ?
24 רִיכְטֶעט נִיט נָאךְ דֶעם אָנְזֶעהֶען,
נֵייעֶרְט רִיכְטֶעט אַיין גֶערֶעכְט מִשְׁפָּט :
25 אוּנְד עֶטְלִיכֶע אוֹיס יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, אִיז דָאס נִיט דֶער ווָעלְכֶען
זֵייא זוּכֶען אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען ?
26 אָבֶּער זֶעה, עֶר רֶעט עֶפֶענְטְלִיךְ,
אוּנְד זֵייא זָאגֶען אִיהְם גָאר נִיט. ווֵייסֶען
דֶען דִיא עֶלְצְטֶע פַאר גֶעווִיס אַז דָאס
אִיז זִיכֶער דֶער מָשִׁיחַ ?
27 אָבֶּער מִיר קֶענֶען דָאךְ דִיזֶען, פוּן

ווַאנֶען

וואַנֶען עֶר אִיז. אוּנְד וֶוען דֶער מָשִׁיחַ
וֶועט קוּמֶען, אַזוֹי וֶועט קֵיינֶער נִיט
ווִיסֶען פוּן וואַנֶען עֶר אִיז:
28 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלֶעהְרְט אִין
בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִייגֶען
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר קֶענְט מִיךְ,
אוּנְד אִיהְר ווייסְט פוּן וואַנֶען אִיךְ בִּין.
אוּנְד אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען פוּן מִיר
זֶעלְבְּסְט, אָבֶער דֶער ווָאס הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט אִיז ווָאהְר, וֶועלְכֶען אִיהְר
קֶענְט נִיט:
29 אָבֶער אִיךְ קֶען אִיהְם, ווָארִין אִיךְ
בִּין פוּן אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט:
30 אַזוֹי הָאבֶען זַייא אִיהְם גֶעזוּכְט צוּ
נֶעמֶען. אָבֶער קֵיינֶער הָאט אוֹיף אִיהְם
נִיט דִיא הֶענְד גֶעלֵייגְט, ווָארִין זַיינֶע
שָׁעָה אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען:
31 אוּנְד פִילֶע פוּן דֶעם פָאלְק הָאבֶען
אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד הָאבֶען גֶע־
זָאגְט, וֶוען דֶער מָשִׁיחַ וֶועט קוּמֶען,
וֶועט עֶר דֶען מֶעהְר וואוּנְדֶער טְהוּן
וויא דִיזֶע ווָאס עֶר הָאט גֶעטְהוּן?
32 דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶען גֶעהֶערְט אַז
דָאס פָאלְק הָאט דָאס פוּן אִיהְם גֶע־
רֶעט. אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד דִיא
רָאשֵׁי כֹּהֲנִים הָאבֶען גֶעשִׁיקְט מְשָׁרְתִים,
אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם נֶעמֶען:
33 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
נָאךְ אֵיינֶע קְלֵיינֶע צַייט בִּין אִיךְ מִיט
אַייךְ, אוּנְד אִיךְ גֵייא צוּ דֶעם ווָאס
הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט:
34 אִיהְר וֶועט מִיךְ זוּכֶען, אוּנְד וֶועט
מִיךְ נִיט גֶעפִינֶען. אוּנְד וואוּ אִיךְ בִּין,
דָארְטֶען אַהִין קֶענְט אִיהְר נִיט קוּמֶען:
35 אוּנְד דִיא יוּדֶען הָאבֶען אֵיינֶער
צוּם אַנְדֶערְן גֶעזָאגְט, וואוּ אַהִין וֶועט
עֶר גֵיין, דָאס מִיר וֶועלֶען אִיהְם נִיט
גֶעפִינֶען? וֶועט עֶר אַהִינְגֵיין צוּ דִיא
פֶערְשְׁטוֹיסֶענֶע צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם, אוּנְד
וֶועט דִיא גוֹיִם לֶעהְרֶען?
36 ווָאס אִיז דָאס ווָארְט ווָאס עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר וֶועט מִיךְ זוּכֶען
אוּנְד וֶועט מִיךְ נִיט גֶעפִינֶען. אוּנְד
וואוּ אִיךְ בִּין, דָארְטֶען אַהִין קֶענְט אִיהְר
נִיט קוּמֶען?
37 אוּנְד אָן דֶעם לֶעצְטֶען טָאג, דֶער
גְרוֹיסֶער טָאג פוּן דֶעם יוֹם טוֹב, אִיז
יֵשׁוּעַ גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיגֶען
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער עֶס אִיז
דָארְשְׁטִיג, לָאז עֶר צוּ מִיר קוּמֶען אוּנְד
לָאז עֶר טְרִינְקֶען:
38 דֶער ווָאס גְלוֹיבְּט אָן מִיר, וויא
דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט, אַזוֹי וֶועלֶען פוּן זַיין
לֵייבּ אַרוֹיסְפְלִיסֶען טֵייכֶען פוּן לֶעבֶּעדִיג
וואַסֶער:
39 (אָבֶער דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט
אוֹיף דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ ווָאס דִיא ווָאס
גְלוֹיבֶּען אָן אִיהְם וֶועלֶען דֶערְהַאלְטֶען.
ווָארִין דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וואַר נָאךְ נִיט
דָא, ווייל יֵשׁוּעַ אִיז נָאךְ נִיט פֶערְ־
הֶערְלִיכְט גֶעווָארֶען):
40 דְרוּם פִילֶע פוּן דֶעם פָאלְק, וֶוען
זַייא הָאבֶען גֶעהֶערְט דִיא רֵייד, הָאבֶען
זַייא גֶעזָאגְט, דָאס אִיז גֶעווִיס דֶער
נָבִיא:
41 אַנְדֶערֶע הָאבֶען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז
דֶער מָשִׁיחַ. אוּנְד אַנְדֶערֶע הָאבֶען גֶע־
זָאגְט, קוּמְט דֶען דֶער מָשִׁיחַ אַרוֹיס פוּן
גָלִיל?
42 הָאט נִיט דִיא שְׁרִיפְט גֶעזָאגְט, אַז
דֶער מָשִׁיחַ קוּמְט אַרוֹיס פוּן זֶרַע דָוִד,
אוּנְד פוּן דֶער שְׁטָאט בֵּית־לֶחֶם, וואוּ
דָוִד אִיז גֶעוֶועזֶען?

43 אוּנְד עֶס וואַר אֵיינֶע צַאנְקֶערַייא
אִיבֶּער אִיהְם צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק :
44 אוּנְד מַאנְכֶע פוּן זַייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעוָואלְט גֶעמֶען. אָבֶּער קֵיינֶער הָאט
נִיט דִיא הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֵייגְט :
45 אוּנְד דִיא מְשָׁרְתִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען
צוּ דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד פְּרוּשִׁים. אוּנְד
זַייא הָאבֶּען צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם
הָאט אִיהְר אִיהְם נִיט גֶעבְּרַאכְט ?
46 אוּנְד דִיא מְשָׁרְתִים הָאבֶּען גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט קֵיין מֶענְשׁ הָאט נָאךְ נִיט אַזוֹי
גֶערֶעט וִויא דִיזֶער מַאן :
47 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא פְּרוּשִׁים צוּ זַייא
גֶעעֶנְטְפֶערְט, זֶענְט אִיהְר אוֹיךְ פֶערְ־
פִיהְרְט ?
48 הָאט אֵיינֶער פוּן דִיא עֶלְצְטֶע
אָדֶער פוּן דִיא פְּרוּשִׁים אָן אִיהְם גֶע־
גְלוֹיבְּט ?
49 אָבֶּער דָאס פָאלְק וָואס קֶען נִיט
דִיא תּוֹרָה אִיז פֶערְפְלוּכְט :
50 אוּנְד נִיקוֹדִימוּס הָאט צוּ זַייא גֶע־
זָאגְט, (דֶער וָואס אִיז צוּ אִיהְם גֶע־
קוּמֶען בֵּייא נַאכְט, אוּנְד עֶר וַואר
אֵיינֶער פוּן זַייא) :
51 טְהוּט אוּנְזֶערֶע תּוֹרָה אֵיין מֶענְשׁ
רִיכְטֶען, אֵיידֶער מֶען הָאט אִיהְם פֶערְ־
הֶערְט אוּנְד וֵוייסְט וָואס עֶר הָאט
גֶעטְהוּן ?
52 זַייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא
נִיט אוֹיךְ פוּן גָלִיל ? זוּךְ אוּנְד זֶעה,
אַז פוּן גָלִיל שְׁטֵייט נִיט אוֹיף קֵיין
נָבִיא :
53 אוּנְד אַזוֹי אִיז אִיטְלִיכֶער אַהֵיים
גֶענַאנְגֶען :

## קאפיטעל ח

1 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּם
הַר הַזֵיתִים :
2 אוּנְד אִין דֶער פְּרִיה אִיז עֶר וִוידֶער־
גֶעקוּמֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרַיין. אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז צוּ אִיהְם גֶע־
קוּמֶען. אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַנִידֶערְ־
גֶעזֶעצְט אוּנְד הָאט זַייא גֶעלֶעהְרְט :
3 אוּנְד דִיא סוֹפְרִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אֵיינֶע פְרוֹיא
וָואס וַואר גֶעפַאנְגֶען אִין אוּמְקֵיישׁוּנְג,
אוּנְד הָאבֶּען זִיא אִין דֶער מִיטֶען
אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט :
4 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
רַבִּי, דִיזֶע פְרוֹיא אִיז גֶעכַאפְּט גֶעוָוארֶען
אִין אוּמְקֵיישׁוּנְג בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה :
5 אוּנְד משֶׁה הָאט אוּנְס גֶעבָּאטֶען
אִין דֶער תּוֹרָה אַז מֶען זָאל אַ זָאלְכֶע
פֶערְשְׁטֵיינֶען. דְרוּם וָואס זָאגְסְט דוּא ?
6 אָבֶּער דָאס הָאבֶּען זַייא גֶעזָאגְט
כְּדֵי אִיהְם צוּ פְּרוּפֶען אַז זַייא זָאלֶען
אִיהְם הָאבֶּען אוֹיף עֶפֶּעס צוּ פֶערְ־
קְלָאגֶען. אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אַרוּפּ־
גֶעבּוֹיגֶען, אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט
דֶעם פִינְגֶער אוֹיף דֶער עֶרְד :
7 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען אִיהְם
ווייטֶער גֶעפְרֶעגְט, הָאט עֶר זִיךְ אוֹיפְ־
גֶעהוֹיבֶּען אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
דֶער וָואס אִיז אָהְן זִינְד צְווִישֶׁען אֵייךְ,
דֶער זָאל צוּם עֶרְשְׁטֶען דֶעם שְׁטֵיין
אוֹיף אִיהְר וַוארְפֶען :
8 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ וִוידֶער אַרוּפְּגֶע־
בּוֹיגֶען, אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף
דֶער עֶרְד :
9 אוּנְד וִויא זַייא הָאבֶּען דָאס גֶע־
הֶערְט. אוּנְד וַוארֶען גֶעשְׁטְרָאפְט אִין
זַייעֶר הַארְץ, זֶענֶען זַייא אֵיינֶער נָאךְ
דֶעם אַנְדֶערְן אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, פוּן דֶעם
עֶלְצְטֶען בִּיז צוּם יוּנְגְסְטֶען, אוּנְד יֵשׁוּעַ

איז

אִיז אַלֵיין אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד דִיא
פְּרוֹיא אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער מִיטֶען:
10 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אוֹיפְ־
גֶעהוֹיבֶּען, אוּנְד הָאט קֵיינֶעם נִיט גֶע־
זֶעהֶען, נָאר דִיא פְּרוֹיא, אַזוֹי הָאט עֶר
צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, פְּרוֹיא, אַוְואוּ זֶענֶען
דִיא וָואס הָאבֶּען דִיךְ פֶערְקְלָאגְט?
הָאט דִיךְ קֵיינֶער נִיט פֶערְשׁוּלְדִיגְט?
11 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, קֵיינֶער
נִיט, הַאר. אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְר
גֶעזָאגְט, אִיךְ פֶערְשׁוּלְדִיג דִיךְ אוֹיךְ נִיט.
גֵייא אַוֶועק, אוּנְד זִינְדִיג נִיט מֶעהְר:
12 דֶערְנָאךְ הָאט יֵשׁוּעַ ווִידֶער צוּ זֵייא
גֶערֶעט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין
דָאס לִיכְט פוּן דֶער וֶועלְט. וֶוער עֶס
פָאלְגְט מִיר נָאךְ, וֶועט נִיט אַרוּמְגֵיין
אִין דֶער פִינְסְטֶער, נֵייעֶרְט עֶר וֶועט
הָאבֶּען דָאס לִיכְט פוּן דֶעם לֶעבֶּען:
13 אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, דוּא זָאגְסְט עֵדוּת אוֹיף דִיר
זֶעלְבְּסְט. דֵיין עֵדוּת אִיז נִיט וָואהְר:
14 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, חָאטְשֶׁע אִיךְ זָאג
אוֹיף מִיר זֶעלְבְּסְט עֵדוּת, אַזוֹי אִיז
מֵיין עֵדוּת דָאךְ וָואהְר; וָוארִין אִיךְ
ווֵייס פוּן וַואנֶען אִיךְ קוּם, אוּנְד וְואוּ
אַהִין אִיךְ גֵייא. אָבֶּער אִיהְר ווֵייסְט נִיט
פוּן וַואנֶען אִיךְ קוּם, אוּנְד וְואוּ אַהִין
אִיךְ גֵייא:
15 אִיהְר טְהוּט רִיכְטֶען נָאךְ דֶעם
פְלֵייש נָאךְ, אָבֶּער אִיךְ טְהוּא קֵיינֶעם
נִיט רִיכְטֶען:
16 אוּנְד וֶוען אִיךְ טְהוּא אוֹיךְ רִיכְטֶען,
אַזוֹי אִיז מֵיין מִשְׁפָּט וָואהְר. וָוארִין אִיךְ
בִּין נִיט אַלֵיין, נֵייעֶרְט אִיךְ אוּנְד דֶער
פָּאטֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט:
17 אוּנְד עֶס שְׁטֵייט אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען
אִין אֵיירֶע תּוֹרָה, אַז דָאס עֵדוּת פוּן
צְווֵייא לֵייט אִיז וָואהְר?
18 אִיךְ זָאג אוֹיף מִיר זֶעלְבְּסְט עֵדוּת,
אוּנְד דֶער פָּאטֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶע־
שִׁיקְט אִיז אוֹיךְ מֵיין עֵדוּת:
19 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וְואוּ אִיז דֵיין פָאטֶער? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעעֶנְטפֶערְט, אִיהְר קֶענְט מִיךְ נִיט,
אוּנְד אוֹיךְ נִיט מֵיין פָּאטֶער, וָוען אִיהְר
הֶעט מִיךְ גֶעקֶענְט, אַזוֹי הֶעט אִיהְר
מֵיין פָּאטֶער אוֹיךְ גֶעקֶענְט:
20 דִיזֶע רֵייד הָאט יֵשׁוּעַ גֶערֶעט בֵּייא
דֶעם אוֹצָר, וָוען עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט
אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ. אוּנְד קֵיינֶער הָאט
אִיהְם נִיט גֶענוּמֶען, וָוארִין זֵיינֶע שָׁעָה
אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען:
21 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ ווִידֶער צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, אִיךְ גֵייא אַוֶועק, אוּנְד אִיהְר
וֶועט מִיךְ זוּכֶען, אוּנְד וֶועט שְׁטַארְבֶּען
אִין אֵיירֶע זִינְדֶען. וְואוּ אַהִין אִיךְ
גֵייא, דָארְטֶען קֶענְט אִיהְר נִיט אַהִין
קוּמֶען:
22 אוּנְד דִיא יוּדֶען הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
וִויל עֶר זִיךְ זֶעלְבְּסְט אוּמְבְּרֶענְגֶען.
וָוארִין עֶר זָאגְט, וְואוּ אַהִין אִיךְ גֵייא
קֶענְט אִיהְר נִיט קוּמֶען:
23 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיהְר זֵייט פוּן אוּנְטֶען, אָבֶּער אִיךְ בִּין
פוּן אוֹיבֶּען. אִיהְר זֵייט פוּן דִיזֶער וֶועלְט,
אִיךְ בִּין נִיט פוּן דִיזֶער וֶועלְט:
24 דְרוּם הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, אַז אִיהְר
וֶועט שְׁטַארְבֶּען אִין אֵיירֶע זִינְדֶען.
וָוארִין וָוען אִיהְר וֶועט נִיט גְלוֹיבֶּען
אַז אִיךְ בִּין דָאס, אַזוֹי וֶועט אִיהְר
שְׁטַארְבֶּען אִין אֵיירֶע זִינְדֶען:
25 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וֶוער בִּיסְט דוּא? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ

זַייא גֶעזָאגְט, דֶער זֶעלְבֶּער וָואס אִיךְ
הָאבּ אֵייךְ גֶעזָאגְט פוּן אָנְפַאנְג:
26 אִיךְ הָאבּ פִּיל פוּן אֵייךְ צוּ זָאגֶען
אוּנְד צוּ רִיכְטֶען. אָבֶּער דֶער וָואס
הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט אִיז וָואהְר. אוּנְד
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן אִיהְם, דָאס
זָאג אִיךְ צוּ דֶער וֶועלְט:
27 זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט אַז עֶר
הָאט צוּ זַייא גֶערֶעט פוּן דֶעם פָאטֶער:
28 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
וֶוען אִיהְר וֶועט דֶעם בֶּן־אָדָם אוֹיפְ־
הֵייבֶּען, דֶענְסְטְמָאל וֶועט אִיהְר וִויסֶען
אַז אִיךְ בִּין דָאס, אוּנְד אַז אִיךְ טְהוּא
גָאר נִיט פוּן מִיר אַלֵיין, נֵייעֶרְט אַזוֹי
וִויא מֵיין פָאטֶער הָאט מִיךְ גֶעלֶעהְרְט,
דָאס זָאג אִיךְ:
29 אוּנְד דֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט
אִיז מִיט מִיר. דֶער פָאטֶער הָאט מִיךְ
נִיט אַלֵיין גֶעלָאזְט. וָוארִין אִיךְ טְהוּא
תָּמִיד וָואס עֶס גֶעפֶעלְט אִיהְם:
30 וֶוען עֶר הָאט דִיזֶעס גֶערֶעט הָאבֶּען
פִילֶע אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט:
31 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ דִיא
יוּדֶען וָואס הָאבֶּען אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט,
וֶוען אִיהְר וֶועט בְּלֵייבֶּען בֵּייא מֵיינֶע
רֵייד, אַזוֹי זַייט אִיהְר בְּאֶמֶת מֵיינֶע
תַּלְמִידִים:
32 אוּנְד אִיהְר וֶועט קֶענֶען דִיא
וָואהְרְהֵייט, אוּנְד דִיא וָואהְרְהֵייט וֶועט
אֵייךְ פְרֵייא מַאכֶען:
33 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
עֶנְטְפֶערְט, מִיר זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן
אַבְרָהָם, אוּנְד זֶענֶען קֵיינְמָאל נִיט גֶע־
וֶועזֶען קֵיינֶע קְנֶעכְט צוּ קֵיין מֶענְשׁ,
אוּנְד וִויא אַזוֹי זָאגְסְט דוּא, אִיהְר וֶועט
פְרֵייא וֶוערֶען?
34 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעעֶנְט־
פֶערְט, בְּאֶמֶת, בְּאֶמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,
אַז אִיטְלִיכֶער וָואס זִינְדִיגְט אִיז אֵיין
קְנֶעכְט פוּן דֶער זִינְד:
35 אוּנְד דֶער קְנֶעכְט בְּלֵייבְּט נִיט
אִים הוֹיז פַאר אִימֶער. אָבֶּער דֶער
זוּהְן בְּלֵייבְּט פַאר אִימֶער:
36 דְרוּם וֶוען דֶער זוּהְן וֶועט אֵייךְ
פְרֵייא מַאכֶען, וֶועט אִיהְר וָואהְרְהַאפְטִיג
פְרֵייא זַיין:
37 אִיךְ וֵוייס אַז אִיהְר זֶענְט דִיא
קִינְדֶער פוּן אַבְרָהָם, אָבֶּער אִיהְר זוּכְט
מִיךְ אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען, וָוארִין מֵיין וָוארְט
הָאט קֵיין פְּלַאץ נִיט אִין אֵייךְ:
38 אִיךְ רֶעד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען
בֵּייא מֵיין פָאטֶער. אוּנְד אִיהְר טְהוּט
וָואס אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען בֵּייא אֵייעֶר
פָאטֶער:
39 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַבְרָהָם
אִיז אוּנְזֶער פָאטֶער. אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר הֶעט גֶע־
וֶועזֶען דִיא קִינְדֶער פוּן אַבְרָהָם, הֶעט
אִיהְר גֶעטְהוּן דִיא מַעֲשִׂים פוּן אַבְרָהָם:
40 אָבֶּער אַצוּנְד זוּכְט אִיהְר מִיךְ
אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען, אֵיין מַאן וָואס הָאט
דִיא וָואהְרְהֵייט גֶעזָאגְט, וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעהֶערְט פוּן גָאט. דָאס הָאט אַבְרָהָם
נִיט גֶעטְהוּן:
41 אִיהְר טְהוּט דִיא מַעֲשִׂים פוּן
אֵייעֶר פָאטֶער. אַזוֹי הָאבֶּען זַייא צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר זֶענֶען נִיט גֶעבּוֹירֶען
פוּן זְנוּת; מִיר הָאבֶּען אֵיין פָאטֶער,
דָאס אִיז גָאט:
42 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
וֶוען גָאט הֶעט גֶעוֶועזֶען אֵייעֶר פָאטֶער,
אַזוֹי הֶעט אִיהְר מִיךְ גֶעלִיבְּט, וָוארִין
אִיךְ בִּין אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד גֶעקוּמֶען


פוּן

פון גאָט; וואָרין איך בּין ניט פון מיר
אַלֵיין גֶעקוּמֶען, נֵייעֶרט עֶר הָאט מִיך
גֶעשִׁיקְט:
43 וואָרום פֶערְשְׁטֵייט אִיהר נִיט מֵיינֶע
רֵייד? ווייל אִיהר קֶענְט טַאקֶע נִיט
הֶערֶען מֵיין וואָרְט:
44 אִיהר זֶענְט פוּן אֵייעֶר פָּאטֶער
דֶעם שָׂטָן, אוּנְד אִיהר ווִילְט טְהוּן דִיא
גְלִיסְטֶען פוּן אֵייעֶר פָּאטֶער. עֶר וואַר
אֵיין רוֹצֵחַ פוּן אָנְפַאנְג, אוּנְד אִיז נִיט
בֶּעשְׁטַאנֶען אִין דֶער וואָהרְהֵייט, ווייל
עֶס אִיז קֵיין אֱמֶת נִיט אִין אִיהְם. ווֶען
עֶר זָאגְט אַ לִיגֶען, אַזוֹי זָאגְט עֶר עֶס
פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט, וואָרין עֶר אִיז אֵיין
לִיגְנֶער, אוּנְד דֶער פָּאטֶער דֶערְפוּן:
45 אָבֶּער ווייל אִיךְ זָאג אֵייךְ דִיא
וואָהרְהֵייט, אַזוֹי גְלוֹיבְּט אִיהר מִיר נִיט:
46 וועלְכֶער פוּן אֵייךְ קֶען מִיךְ בֶּעַ־
שׁוּלְדִיגֶען פַאר אֵיין זִינְד? אוּנְד ווֶען
אִיךְ זָאג דִיא וואָהרְהֵייט, וואָרום גְלוֹיבְּט
אִיהר מִיר נִיט?
47 דֶער וואָס אִיז פוּן גָאט, הֶערְט
גָאט'ס רֵייד. ווייל אִיהר זֶענְט נִיט פוּן
גָאט דַארוּם הֶערְט אִיהר נִיט:
48 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא יוּדֶען גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
הָאבֶּען מִיר נִיט רֶעכְט גֶעזָאגְט, אַז
דוּא בִּיסְט אֵיין שׁוֹמְרוֹנִי, אוּנְד הָאסְט
אַ שֵׁד?
49 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ
הָאבּ נִיט קֵיין שֵׁד, נֵייעֶרְט אִיךְ הַאלְט
עֶהְרְלִיךְ מֵיין פָּאטֶער, אָבֶּער אִיהְר
הַאלְט מִיךְ אוּנְעֶהרְלִיךְ:
50 אוּנְד אִיךְ זוּךְ נִיט מֵיין כָּבוֹד. דָא
אִיז אֵיינֶער וואָס זוּכְט אוּנְד טְהוּט
רִיכְטֶען:
51 בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, ווֶער
עֶס ווֶעט הַאלְטֶען מֵיינֶע רֵייד, ווֶעט
קֵיינְמָאל נִיט זֶעהֶען דֶעם טוֹיט:
52 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא יוּדֶען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, אַצוּנְד ווִיסֶען מִיר אַז דוּא
הָאסְט אֵיין שֵׁד. אַבְרָהָם אִיז גֶעַ־
שְׁטָארְבֶּען אוּנְד דִיא נְבִיאִים, אוּנְד דוּא
זָאגְסְט, ווֶער עֶס ווֶעט הַאלְטֶען מֵיינֶע
רֵייד, ווֶעט קֵיינְמָאל נִיט פֶערְזוּכֶען דֶעם
טוֹיט:
53 בִּיסְט דוּא גְרֶעסֶער פוּן אוּנְזֶער
פָּאטֶער אַבְרָהָם, וואָס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
אוּנְד דִיא נְבִיאִים זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען?
צוּ וואָס מַאכְסְט דוּא דִיךְ?
54 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, ווֶען
אִיךְ טְהוּא מִיךְ זֶעלְבְּסְט עֶהְרֶען, אַזוֹי
אִיז מֵיין כָּבוֹד גָאר נִיט. עֶס אִיז מֵיין
פָּאטֶער וואָס טְהוּט מִיךְ עֶהְרֶען, אוֹיף
ווֶעלְכֶען אִיהר זָאגְט אַז עֶר אִיז אֵייעֶר
גָאט:
55 אוּנְד אִיהר הָאט אִיהְם נִיט גֶעַ־
קֶענְט, אָבֶּער אִיךְ קֶען אִיהְם. אוּנְד
ווֶען אִיךְ זָאל זָאגֶען אַז אִיךְ קֶען אִיהְם
נִיט, ווֶעל אִיךְ זַיין אֵיין לִיגְנֶער, אַזוֹי
ווִיא אִיהְר. אָבֶּער אִיךְ קֶען אִיהְם, אוּנְד
הַאלְט זַיין וואָרְט:
56 אֵייעֶר פָּאטֶער אַבְרָהָם הָאט זִיךְ
גֶעפְרֵייט אַז עֶר זָאל זֶעהֶען מֵיין טָאג;
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען אוּנְד
וואַר פְרֵיילִיךְ:
57 אוּנְד דִיא יוּדֶען הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט נָאךְ נִיט פִיפְצִיג
יָאהְר אַלְט, אוּנְד הָאסְט גֶעזֶעהֶען
אַבְרָהָם?
58 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אֵיידֶער
אַבְרָהָם אִיז גֶעווֶעזֶען, בִּין אִיךְ:
59 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶענוּמֶען שְׁטֵיינֶער

אז

זייא זָאלֶען אויף אִיהם וואַרפֶען. אָבֶּער
יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ פֶערְבָּארְגֶען, אוּנְד אִיז
פוּן בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרויסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
אִיז צְווִישֶׁען זייא דוּרְכְגֶעקוּמֶען, אוּנְד
אִיז אַזוי פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען:

## קאפּיטעל ט

1 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען אֵיין מַאן
וָואס וַואר בְּלִינְד פוּן זַיינֶע גֶעבוּרְט אָן:
2 אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים, הָאבֶּען אִיהְם
גֶעפְרֶעגְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, רַבִּי,
וֶוער הָאט גֶעזִינְדִיגְט, דִיזֶער מַאן אָדֶער
זַיינֶע עֶלְטֶערְן, דָאס עֶר אִיז בְּלִינְד
גֶעבוירֶען גֶעוָוארֶען?
3 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, עֶר
הָאט נִיט גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד אויךְ נִיט
זַיינֶע עֶלְטֶערְן; נֵייעֶרְט כְּדֵי דִיא וֶוערְק
פוּן גָאט זָאלֶען אִין אִיהְם עֶנְטְפְּלֶעקְט
וֶוערֶען:
4 אִיךְ מוּס וֶוערְקֶען דִיא וֶוערְק פוּן
אִיהְם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט וַוייל עֶס
אִיז טָאג. דִיא נַאכְט קוּמְט, וֶוען
קֵיינֶער קֶען נִיט וֶוערְקֶען:
5 וַוייל אִיךְ בִּין אִין דֶער וֶועלְט, אַזוי
בִּין אִיךְ דָאס לִיכְט פוּן דֶער וֶועלְט:
6 וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט
עֶר גֶעשְׁפִּיגֶען אויף דֶער עֶרְד, אוּנְד
הָאט גֶעמַאכְט לֵיים פוּן דֶעם שְׁפֵּייעֶכְץ,
אוּנְד הָאט בֶּעשְׁמִירְט דִיא אויגֶען פוּן
דֶעם בְּלִינְדֶען מִיט דֶעם לֵיים:
7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא אוּנְד
וַואשׁ דִיךְ אִין דֶעם טֵייךְ שִׁילוֹחַ; (וָואס
אִיז אויף יוּדִישׁ, גֶעשִׁיקְט). אַזוי אִיז
עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ
גֶעוַואשֶׁען, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען זֶעהֶענְדִיג:
8 אַזוי הָאבֶּען דִיא שְׁכֵנִים, אוּנְד דִיא
וָואס הָאבֶּען אִיהְם פְרִיהֶער גֶעזֶעהֶען אַז
עֶר וַואר בְּלִינְד, גֶעזָאגְט, אִיז דָאס נִיט
דֶער וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אוּנְד הָאט
גֶעבֶּעטֶעלְט:
9 עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז עֶר אִיז
דָאס. אוּנְד אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
עֶר אִיז גְלֵייךְ צוּ אִיהְם. אָבֶּער עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דָאס:
10 אוּנְד זייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, ווִיא אַזוי וַוארֶען דַיינֶע אויגֶען
אויפְגֶעמַאכְט?
11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, אֵיין מַאן וָואס הֵייסְט
יֵשׁוּעַ הָאט גֶעמַאכְט לֵיים, אוּנְד הָאט
מֵיינֶע אויגֶען בֶּעשְׁמִירְט, אוּנְד הָאט צוּ
מִיר גֶעזָאגְט, גֵייא צוּם טֵייךְ שִׁילוֹחַ
אוּנְד וַואשׁ דִיךְ. אַזוי בִּין אִיךְ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאב מִיךְ גֶעוַואשֶׁען,
אוּנְד אִיךְ בִּין זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען:
12 אוּנְד זייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, ווָאוּ אִיז עֶר? אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, אִיךְ וַוייס נִיט:
13 אוּנְד זייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט צוּ
דִיא פְּרוּשִׁים דֶעם וָואס וַואר פְרִיהֶר
בְּלִינְד:
14 אוּנְד עֶס וַואר אַם שַׁבָּת וֶוען יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעמַאכְט דֶעם לֵיים, אוּנְד הָאט
אִיהְם דִיא אויגֶען אויפְגֶעמַאכְט:
15 אַזוי הָאבֶּען אִיהְם דִיא פְּרוּשִׁים
אויךְ ווִידֶער גֶעפְרֶעגְט, ווִיא אַזוי עֶר
אִיז זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען. אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זייא גֶעזָאגְט, עֶר הָאט גֶעלֵייגְט לֵיים אויף מֵיינֶע אויגֶען, אוּנְד
אִיךְ הָאב מִיךְ גֶעוַואשֶׁען, אוּנְד בִּין
זֶעהֶענְדִיג:
16 אַזוי הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא
פְּרוּשִׁים גֶעזָאגְט, דִיזֶער מַאן אִיז נִיט
פוּן גָאט, וָוארִין עֶר הַאלְט נִיט דֶעם

שַׁבָּת. אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וִויא
אַזוֹי קֶען אַיין זִינְדִיגֶער מֶענְשׁ זָאלְכֶע
וְואוּנְדֶער טְהוּן? אוּנְד דָא וַואר אֵיינֶע
צַאנְקֶערַייא צְווִישֶׁען זַייא:
17 אוּנְד זַייא הָאבֶּען ווִידֶער צוּם
בְּלִינְדֶען גֶעזָאגְט, וָואס זָאגְסְט דוּא אוֹיף
אִיהְם, דָאס עֶר הָאט דַיינֶע אוֹיגֶען
אוֹיפְגֶעמַאכְט? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
עֶר אִיז אַיין נָבִיא:
18 אָבֶּער דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיף
אִיהְם נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, אַז עֶר וַואר בְּלִינְד
אוּנְד אִיז זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען, בִּיז זַייא
הָאבֶּען גֶערוּפֶען דִיא עֶלְטֶערְן פוּן דֶעם
וָואס אִיז זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען:
19 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעפְרֶעגְט אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיז דָאס אֵייעֶר זוּהְן,
וָואס אִיהְר זָאגְט אַז עֶר וַואר גֶעבּוֹירֶען
בְּלִינְד? וִויא אַזוֹי אִיז עֶר דֶען אַצוּנְד
זֶעהֶענְדִיג?
20 אוּנְד זַיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען צוּ
זַייא גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
מִיר ווִיסֶען אַז דָאס אִיז אוּנְזֶער זוּהְן,
אוּנְד אַז עֶר וַואר גֶעבּוֹירֶען בְּלִינְד:
21 אָבֶּער וִויא אַזוֹי עֶר זֶעהְט אַצוּנְד,
ווִיסֶען מִיר נִיט. אָדֶער וֶוער עֶס הָאט
אִיהְם דִיא אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט ווִיסֶען
מִיר נִיט. עֶר אִיז שׁוֹין גְרוֹיס, פְּרֶעגְט
אִיהְם. לָאז עֶר זֶעלְבְּסְט פַאר זִיךְ
רֵיידֶען:
22 דָאס הָאבֶּען זַיינֶע עֶלְטֶערְן גֶע־
זָאגְט, ווייל זַייא הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט
פַאר דִיא יוּדֶען. וָוארִין דִיא יוּדֶען
הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין פֶערְאֵיינִיגְט אַז וֶוען
אֵיינֶער וֶועט אִיהְם אַנְדֶערְקֶענֶען פַאר
דֶעם מָשִׁיחַ, אַזוֹי זָאל עֶר פוּן דֶער
שׁוּל אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען:
23 דָארוּם הָאבֶּען זַיינֶע עֶלְטֶערְן גֶע־
זָאגְט, עֶר אִיז שׁוֹין גְרוֹיס, פְּרֶעגְט
אִיהְם:
24 אַזוֹי הָאבֶּען זַייא דָאס צְווייטֶע
מָאל גֶערוּפֶען דֶעם מַאן וָואס וַואר
בְּלִינְד, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
גִיב דֶעם כָּבוֹד צוּ גָאט. מִיר ווִיסֶען
אַז דִיזֶער מַאן אִיז אַיין זִינְדֶער:
25 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, אוֹיבּ עֶר אִיז אַיין זִינְדֶער
וַוייס אִיךְ נִיט. אֵיינֶע זַאךְ ווייס אִיךְ,
אַז אִיךְ וַואר בְּלִינְד, אוּנְד אַצוּנְד זֶעה
אִיךְ:
26 אוּנְד זַייא הָאבֶּען ווִידֶער צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, וָואס הָאט עֶר דִיר גֶעטְהוּן?
וִויא אַזוֹי הָאט עֶר דַיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְ־
גֶעמַאכְט?
27 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעעֶנְט־
פֶערְט, אִיךְ הָאבּ אֵייךְ שׁוֹין גֶעזָאגְט,
אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט גֶעהֶערְט. וָוארוּם
ווִילְט אִיהְר עֶס ווִידֶער הֶערֶען? ווִילְט
אִיהְר נִיט אוֹיךְ זַיינֶע תַּלְמִידִים זַיין?
28 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעשָׁאלְ־
טֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט
זַיין תַּלְמִיד, אָבֶּער מִיר זֶענֶען דִיא
תַּלְמִידִים פוּן משֶׁה:
29 מִיר ווִיסֶען אַז גָאט הָאט גֶערֶעט
צוּ משֶׁה, אָבֶּער דִיזֶען, ווִיסֶען מִיר נִיט
פוּן וַואנֶען עֶר אִיז:
30 דֶער מַאן הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, דָאס אִיז אֵיינֶע
וְואוּנְדֶערְלִיכֶע זַאךְ, דָאס אִיהְר ווייסְט
נִיט פוּן וַואנֶען עֶר אִיז, אוּנְד עֶר הָאט
דָאךְ מֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט:
31 אוּנְד מִיר ווִיסֶען אַז גָאט הֶערְט
נִיט קֵיין זִינְדֶער. נֵייעֶרְט וֶוער עֶס אִיז
אֵיין יְרֵא אֱלֹהִים אוּנְד טְהוּט זַיין ווילֶען,
דִיזֶען הֶערְט עֶר:

32 זֵייט דִיא װֶעלְט שְׁטֵייט אִיז עֶס
נִיט גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען, אַז אֵיינֶער זָאל
אוֹיפְמַאכֶען דִיא אוֹיגֶען פוּן אֵיין גֶע־
בּוֹירֶענֶעם בְּלִינְדֶען:
33 וֶוען דִיזֶער זָאל נִיט זֵיין פוּן גָאט,
אַזוֹי הֶעט עֶר גָאר נִיט גֶעקֶענְט טְהוּן:
34 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא
בִּיסְט גָאר אִין גַאנְצֶען אִין זִינְדֶען גֶע־
בּוֹירֶען, אוּנְד טְהוּסְט אוּנְס לֶערְנֶען?
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶע־
וָוארְפֶען:
35 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעהֶערְט אַז זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען. אוּנְד
וֶוען עֶר הָאט אִיהְם גֶעפוּנֶען הָאט עֶר
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גְלוֹיבְּסְט דוּא אָן
דֶעם זוּהְן פוּן גָאט?
36 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, וֶוער אִיז עֶר אַז
אִיךְ זָאל אָן אִיהְם גְלוֹיבֶּען?
37 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, דוּא הָאסְט אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אוּנְד
דֶער וָואס רֶעט מִיט דִיר, דָאס אִיז עֶר:
38 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, אִיךְ
גְלוֹיבּ. אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם
גֶעבִּיקְט:
39 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, צוּ
רִיכְטֶען בִּין אִיךְ אִין דִיזֶער וֶועלְט
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אַז דִיא וָואס זֶעהֶען נִיט
זָאלֶען זֶעהֶען, אוּנְד דִיא וָואס זֶעהֶען
זָאלֶען בְּלִינְד וֶוערֶען:
40 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים
וָואס וַוארֶען מִיט אִיהְם הָאבֶּען דָאס
גֶעהֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, זֶענֶען מִיר דֶען אוֹיךְ בְּלִינְד?
41 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וֶוען אִיהְר זָאלְט בְּלִינְד זֵיין, אַזוֹי הֶעט
אִיהְר נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע זִינְד. אָבֶּער
אַצוּנְד זָאגְט אִיהְר, מִיר זֶעהֶען, דָארוּם
בְּלֵייבְּט אֵיירֶע זִינְד:

## קאפיטעל י

1 פַארְוָואהְר, פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ אֵייךְ,
דֶער וָואס קוּמְט נִיט אַרֵיין אִין דֶעם
שָׁאפְּשְׁטַאל דוּרְךְ דֶער טִיר, נֵייעֶרְט עֶר
שְׁטֵייגְט אַנְדֶערְשְׁט וְואוּ אַרֵיין, דֶער אִיז
אֵיין גַנָב אוּנְד אֵיין רֵייבֶּער:
2 אָבֶּער דֶער וָואס קוּמְט אַרֵיין דוּרְךְ
דֶער טִיר, אִיז דֶער פַּאסְטוּךְ פוּן דִיא שָׁאף:
3 דֶער שׁוֹמֵר עֶפְנֶעט אִיהְם, אוּנְד
דִיא שָׁאף הֶערֶען זֵיין קוֹל. אוּנְד עֶר
רוּפְט זֵיינֶע אֵייגֶענֶע שָׁאף בֵּיים נָאמֶען,
אוּנְד פִירְט זֵייא אַרוֹיס:
4 אוּנְד וֶוען עֶר פִירְט אַרוֹיס זֵיינֶע
שָׁאף, גֵייט עֶר בֶּעפָאר זֵייא, אוּנְד דִיא
שָׁאף פָאלְגֶען אִיהְם נָאךְ, וָוארִין זֵייא
קֶענֶען זֵיין קוֹל:
5 אוּנְד אֵיין פְרֶעמְדֶען וֶועלֶען זֵייא
נִיט נָאכְפָאלְגֶען, נֵייעֶרְט זֵייא לוֹיפֶען
אַוֶועק פוּן אִיהְם, וָוארִין זֵייא קֶענֶען נִיט
דָאס קוֹל פוּן דֶעם פְרֶעמְדֶען:
6 דָאס מָשָׁל הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט פֶערְ־
שְׁטַאנֶען וָואס עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט:
7 דָארוּם הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא ווִידֶער
גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,
אִיךְ בִּין דִיא טִיר פוּן דִיא שָׁאף:
8 אַלֶע וָואס זֶענֶען פָאר מִיר גֶעקוּמֶען,
זֶענֶען גַנָבִים אוּנְד רֵייבֶּער; אָבֶּער דִיא
שָׁאף הָאבֶּען זֵייא נִיט צוּגֶעהֶערְט:
9 אִיךְ בִּין דִיא טִיר. וֶוער עֶס וֶועט
דוּרְךְ מִיר אַרֵיינְקוּמֶען, וֶועט גֶערֶעטֶעט
וֶוערֶען. אוּנְד עֶר וֶועט אַרֵיינְגֵיין אוּנְד
אַרוֹיסְגֵיין, אוּנְד וֶועט גֶעפִינֶען ווייְדֶע:
10 דֶער גַנָב קוּמְט נִיט אַרֵיין, נֵייעֶרְט

אַז עֶר זָאל גַנְבְ'נֶען אוּנְד שֶׁעכְטֶען אוּנְד
אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען; אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אַז
זַייא זָאלֶען הָאבֶּען לֶעבֶּען, אוּנְד אַז
זַייא זָאלֶען עֶס פִּיל הָאבֶּען:
11 אִיךְ בִּין דֶער גוּטֶער פַּאסְטוּךְ
(הִירְט). דֶער גוּטֶער פַּאסְטוּךְ לֵייגְט זַיין
לֶעבֶּען אַנִידֶער פָאר דִיא שָׁאף:
12 אָבֶּער דֶער גֶעדוּנְגֶענֶער, וָואס אִיז
נִיט דֶער הִירְט, וָואס דִיא שָׁאף זֶענֶען
נִיט זַיינֶע אֵייגֶענֶע, זֶעהְט דֶעם וָואלְף
קוּמֶען, אוּנְד פֶערְלָאזְט דִיא שָׁאף אוּנְד
עֶנְטְלוֹיפְט. אוּנְד דֶער וָואלְף חַאפְּט
דִיא שָׁאף אוּנְד צֶערְשְׁטְרֵייעֶט זַייא:
13 אוּנְד דֶער גֶעדוּנְגֶענֶער עֶנְטְלוֹיפְט
וַוייל עֶר אִיז אַיין גֶעדוּנְגֶענֶער, אוּנְד
זָארְגְט נִיט פַאר דִיא שָׁאף:
14 אִיךְ בִּין דֶער גוּטֶער הִירְט, אוּנְד
אִיךְ קֶען דִיא מֵיינִיגֶע, אוּנְד בִּין בֶּע־
קֶענְט בֵּייא דִיא מֵיינִיגֶען:
15 אַזוֹי וִויא דֶער פָאטֶער קֶען מִיךְ,
אוּנְד אִיךְ קֶען דֶעם פָאטֶער. אוּנְד
אִיךְ לֵייג מֵיין לֶעבֶּען אַנִידֶער פַאר דִיא
שָׁאף:
16 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אַנְדֶערֶע שָׁאף,
וַואס זֶענֶען נִיט פוּן דִיזֶען שְׁטַאל, אוּנְד
דִיזֶע מוּס אִיךְ אוֹיךְ אֵיינְזַאמְלֶען, אוּנְד
זַייא וֶועלֶען מֵיין קוֹל הֶערֶען. אוּנְד
עֶס וֶועט זַיין אֵיינֶע סְטַאדֶע אוּנְד אֵיין
פַּאסְטוּךְ (הִירְט):
17 דָארוּם לִיבְּט מִיךְ דֶער פָאטֶער,
וַוייל אִיךְ לֵייג אַנִידֶער מֵיין לֶעבֶּען, כְּדֵי
אִיךְ זָאל עֶס וִוידֶער עֶנְטְפַאנְגֶען:
18 קֵיינֶער נֶעמְט עֶס נִיט פוּן מִיר,
נֵייעֶרְט אִיךְ לֵייג עֶס אַנִידֶער פוּן מִיר
זֶעלְבְּסְט. אִיךְ הָאבּ דִיא מַאכְט עֶס
אַנִידֶערְצוּלֵייגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיא
מַאכְט עֶס וִוידֶער צוּ נֶעמֶען. דָאס
גֶעבָּאט הָאבּ אִיךְ עֶנְטְפַאנְגֶען פוּן מֵיין
פָאטֶער:
19 דָארוּם וַואר וִוידֶער אַ מַחְלוֹקֶה
צְווִישֶׁען דִיא יוּדֶען אִיבֶּער דִיזֶע רֵייד:
20 אוּנְד פִילֶע פוּן זַייא הָאבֶּען גֶע־
זָאגְט, עֶר הָאט אַיין שֵׁד אוּנְד אִיז
מְשׁוּגָע; וָואס הֶערְט אִיהְר אִיהְם צוּ?
21 אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט דִיזֶע רֵייד
זֶענֶען נִיט פוּן אֵיינֶעם וָואס הָאט אַיין
שֵׁד. קֶען אַ שֵׁד אוֹיפְמַאכֶען דִיא אוֹיגֶען
פוּן אַיין בְּלִינְדֶען?
22 אוּנְד עֶס וַואר חֲנוּכָּה אִין יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד עֶס וַואר ווִינְטֶער:
23 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין
בֵּית הַמִקְדָשׁ אִין דֶעם פַּאלִישׁ פוּן
שְׁלֹמֹה:
24 אַזוֹי הָאבֶּען אִיהְם דִיא יוּדֶען
אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, וִויא לַאנְג וֶועסְט דוּא אוּנְס
אִין דֶעם סָפֵק הַאלְטֶען? וֶוען דוּא בִּיסְט
דֶער מָשִׁיחַ, זָאג עֶס אוּנְס עֶפֶענְטְלִיךְ:
25 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט, אִיךְ הָאבּ עֶס צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט,
אוּנְד אִיהְר גְלוֹיבְּט נִיט. דִיא וֶוערְק
וָואס אִיךְ טְהוּא אִים נָאמֶען פוּן מֵיין
פָאטֶער, דִיזֶע זָאגֶען עֵדוּת אוֹיף מִיר:
26 אָבֶּער אִיהְר גְלוֹיבְּט נִיט, וָוארִין
אִיהְר זֶענְט נִיט פוּן מֵיינֶע שָׁאף, אַזוֹי
וִויא אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט:
27 מֵיינֶע שָׁאף הֶערֶען מֵיין קוֹל, אוּנְד
אִיךְ קֶען זַייא, אוּנְד זַייא פָאלְגֶען מִיר
נָאךְ:
28 אוּנְד אִיךְ גִיבּ זַייא דָאס אֵייבִּיגֶע
לֶעבֶּען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען קֵיינְמָאל נִיט
פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען, אוּנְד קֵיינֶער וֶועט
זַייא נִיט פוּן מֵיינֶע הַאנְד אוֹיסְרֵייסֶען:
29 מֵיין פָאטֶער וָואס הָאט זַייא מִיר

גֶעגֶעבֶּען, אִיז גְרֶעסֶער פוּן אַלֶע, אוּנְד
קֵיינֶער קֶען זֵייא נִיט אוֹיסְרֵייסֶען פוּן
פָּאטֶערְס הַאנְד :
30 אִיךְ אוּנְד דֶער פָּאטֶער זֶענֶען
אֵיינְס :
31 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא יוּדֶען ווִידֶער
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטֵיינֶער, אַז זֵייא זָאלֶען
אוֹיף אִיהְם וַוארְפֶען :
32 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט, אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעווִיזֶען פִילֶע
גוּטֶע װֶערְק פוּן מֵיין פָּאטֶער. פַאר
װֶעלְכֶע פוּן דִיזֶע װֶערְק טְהוּט אִיהְר
מִיךְ פֶערְשְׁטֵיינֶען ?
33 דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר פֶערְ־
שְׁטֵיינֶען דִיךְ נִיט פַאר אֵיין גוּטֶעס
װֶערְק, נֵייעֶרְט פַאר לֶעסְטֶערוּנְג, אוּנְד
װֵייל דוּא בִּיסְט אֵיין מֶענְשׁ אוּנְד
מַאכְסְט דִיךְ פַאר גָאט :
34 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט,
שְׁטֵייט נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין אֵיירֶע תּוֹרָה,
אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיהְר זֶענְט גֶעטֶער :
35 װֶען עֶר רוּפְט זֵייא גֶעטֶער צוּ
װֶעלְכֶע דָאס װָארְט פוּן גָאט אִיז גֶע־
קוּמֶען, אוּנְד דִיא שְׁרִיפְט קֶען נִיט
פֶערשְׁטֶערְט װֶערֶען :
36 זָאגְט אִיהְר אוֹיף אִיהְם, װֶעמֶען
דֶער פָּאטֶער הָאט גֶעהֵיילִיגְט אוּנְד
הָאט גֶעשִׁיקְט אִין דֶער װֶעלְט אַרֵיין,
דוּא לֶעסְטֶערְסְט, װֵייל אִיךְ הָאבּ גֶע־
זָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער זוּהְן פוּן גָאט ?
37 װֶען אִיךְ טְהוּא נִיט דִיא מַעֲשִׂים
פוּן מֵיין פָּאטֶער, גְלוֹיבְּט מִיר נִיט :
38 אָבֶּער װֶען אִיךְ טְהוּא זֵייא, אַזוֹי
גְלוֹיבְּט דִיא מַעֲשִׂים, אַפִילוּ װֶען אִיהְר
מִיר נִיט גְלוֹיבְּט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען
אוּנְד גְלוֹיבֶּען אַז דֶער פָּאטֶער אִיז אִין
מִיר, אוּנְד אִיךְ אִין אִיהְם :
39 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם ווִידֶער
גֶעזוּכְט צוּ נֶעמֶען, אָבֶּער עֶר אִיז פוּן
זֵיירֶע הֶענְד עֶנְטגַאנְגֶען :
40 אוּנְד עֶר אִיז ווִידֶער אַװֶעקְגֶע־
גַאנְגֶען צוּ דֶער אַנְדֶערֶער זֵייט יַרְדֵן,
צוּ דֶעם אָרְט װוּ יוֹחָנָן פְלֶעגְט פְרִיהֶר
צוּ טוֹיפֶען, אוּנְד עֶר אִיז דָארְטֶען גֶע־
בְּלִיבֶּען :
41 אוּנְד פִילֶע זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶע־
קוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
יוֹחָנָן הָאט קֵיינֶע װְאוּנְדֶער נִיט גֶע־
טְהוּן. אָבֶּער אַלֶעס װָאס יוֹחָנָן הָאט
פוּן אִיהְם גֶעזָאגְט אִיז װָאהְר :
42 אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען דָארְטֶען אָן
אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט :

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד דָא וַואר אֵיין קְרַאנְקֶער װָאס
הָאט גֶעהֵייסֶען אֶלְעָזָר פוּן בֵּית־עֲנְיָה,
פוּן דֶעם דָארְף פוּן מִרְיָם אוּנְד אִיהְרֶע
שְׁװֶעסְטֶער מַרְתָּה :
2 (עֶס וַואר דִיא מִרְיָם װָאס הָאט
דֶעם הַאר גֶעזַאלְבְּט מִיט טֵייעֶרֶען אֵייל,
אוּנְד הָאט אָבְּגֶעוִוישְׁט זֵיינֶע פִיס מִיט
אִיהְרֶע הָאר, װָאס אִיהְר בְּרוּדֶער אֶלְעָזָר
וַואר קְרַאנְק) :
3 אוּנְד דִיא שְׁװֶעסְטֶערְן הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
הַאר, זֶעה, דֶער װֶעמֶען דוּא לִיבְּסְט
אִיז קְרַאנְק :
4 ווִיא יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט
עֶר גֶעזָאגְט, דִיזֶע קְרַאנְקְהֵייט אִיז נִיט
צוּם טוֹיט. נֵייעֶרְט צוּ דֶעם כָּבוֹד פוּן
גָאט, כְּדֵי דֶער זוּהְן פוּן גָאט זָאל
דַאדוּרְךְ בְּכָבוֹד גֶעהַאלְטֶען װֶערֶען :
5 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט מַרְתָּה
אוּנְד אִיהְרֶע שְׁװֶעסְטֶער אוּנְד אֶלְעָזָר :

אונד

6 אוּנְד װֶען עֶר הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶר
אִיז קְרַאנְק, אַזוֹי אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען
צְװֵייא טֶעג אִין דֶעם אָרְט װְאוּ עֶר װַאר׃
7 אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאט עֶר צוּ זַיינֶע
תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר װִידֶערְגֵיין
נָאךְ יְהוּדָה׃
8 אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, דִיא יוּדֶען הָאבֶּען
דִיךְ גֶעזוּכְט צוּ פֶערְשְׁטֵיינֶען, אוּנְד דוּא
גֵייסְט װִידֶער אַהִין׃
9 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, זֶענֶען
נִיט צְװֶעלְף שָׁעָה אִין דֶעם טָאג? װֶען
אֵיינֶער גֵייט אַרוּם בֵּייא טָאג אַזוֹי
שְׁטוֹיסְט עֶר זִיךְ נִיט אָן, װָארִין עֶר
זֶעהְט דָאס לִיכְט פוּן דִיזֶער װֶעלְט׃
10 אָבֶּער װֶער עֶס גֵייט אַרוּם בֵּייא
דֶער נַאכְט, שְׁטְרוֹיכֶעלְט זִיךְ, װֵייל עֶס
אִיז קֵיין לִיכְט נִיט אִין אִיהְם׃
11 דִיזֶעס הָאט עֶר גֶעזָאגְט. אוּנְד
דֶערְנָאךְ הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אוּנְזֶער פְרֵיינְד אֶלְעָזָר שְׁלָאפְט; אָבֶּער
אִיךְ גֵייא אַז אִיךְ זָאל אִיהְם אוֹיפְ־
װֶעקֶען׃
12 אַזוֹי הָאבֶּען זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶע־
זָאגְט, הַאר, װֶען עֶר שְׁלָאפְט, אַזוֹי
װֶעט עֶר בֶּעסֶער װֶערֶען׃
13 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶערֶעט פוּן זַיין
טוֹיט, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען גֶעמֵיינְט אַז
עֶר רֶעט פוּן זַיין רוּהֶען אִין שְׁלָאף׃
14 דֶערְנָאךְ הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא
עָפֶּענְטְלִיךְ גֶעזָאגְט, אֶלְעָזָר אִיז גֶע־
שְׁטָארְבֶּען׃
15 אוּנְד אִיךְ פְרֵייא מִיךְ פוּן אֵייעֶרְט
װֶעגֶען דָאס אִיךְ בִּין נִיט דָארְט גֶע־
װֶעזֶען, אַז אִיהְר זָאלְט גְלוֹיבֶּען, אָבֶּער
לָאזֶען מִיר צוּ אִיהְם גֵיין׃
16 אַזוֹי הָאט תּוֹמָא, װָאס װַאר גֶע־
רוּפֶען דִידוּמוּס, גֶעזָאגְט צוּ דִיא
תַּלְמִידִים, לָאזֶען מִיר אוֹיךְ גֵיין, אַז מִיר
זָאלֶען מִיט אִיהְם שְׁטַארְבֶּען׃
17 אוּנְד װֶען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען, אַזוֹי
הָאט עֶר גֶעפוּנֶען אַז עֶר װַאר שׁוֹין
פִיר טֶעג אִים קֶבֶר׃
18 אוּנְד בֵּית־עֲנְיָה װַאר נָאהְנְט צוּ
יְרוּשָׁלַיִם, אַן עֶרֶךְ פוּן פִיפְצֶען אַקֶער
פֶעלְד װֵייט׃
19 אוּנְד פִילֶע יוּדֶען זֶענֶען גֶעקוּמֶען
צוּ מַרְתָּה אוּנְד מִרְיָם, אַז זֵייא זָאלֶען
זֵייא טְרֵייסְטֶען װֶעגֶען זֵייעֶר בְּרוּדֶער׃
20 אוּנְד מַרְתָּה װֶען זִיא הָאט גֶע־
הֶערְט אַז יֵשׁוּעַ קוּמְט, אִיז זִיא אִיהְם
עֶנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען. אוּנְד מִרְיָם אִיז
דֶערְהֵיים גֶעזֶעסֶען׃
21 אַזוֹי הָאט מַרְתָּה גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ,
הַאר, װֶען דוּא הֶעסְט הִיר גֶעװֶעזֶען,
אַזוֹי הֶעט מֵיין בְּרוּדֶער נִיט גֶע־
שְׁטָארְבֶּען׃
22 אָבֶּער אִיךְ װֵייס, אַז אַפִילוּ אַצוּנְד
װָאס דוּא װֶעסְט בֶּעטֶען פוּן גָאט װֶעט
דִיר גָאט גֶעבֶּען׃
23 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
דֵיין בְּרוּדֶער װֶעט װִידֶער אוֹיפְשְׁטֵיין׃
24 אוּנְד מַרְתָּה הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, אִיךְ װֵייס אַז עֶר װֶעט אוֹיפְשְׁטֵיין
אִין דֶער תְּקוּמָה אִין דֶעם לֶעצְטֶען
טָאג׃
25 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
אִיךְ בִּין דִיא תְּקוּמָה אוּנְד דָאס לֶעבֶּען.
װֶער עֶס גְלוֹיבְּט אָן מִיר, חָאטְשֶׁע עֶר
אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי װֶעט עֶר דָאךְ
לֶעבֶּען׃
26 אוּנְד דֶער װָאס לֶעבְּט אוּנְד גְלוֹיבְּט
אָן מִיר, װֶעט קֵיינְמָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען.
גְלוֹיבְּסְט דוּא דָאס?

27 אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
יוֹא, הַאר, אִיךְ גְלוֹיבּ אַז דוּא בִּיסְט
דֶער מָשִׁיחַ. דֶער זוּהְן פוּן גָאט, וָואס
זָאל אִין דֶער וֶועלְט אַרַיין קוּמֶען:
28 אוּנְד וֶוען זִיא הָאט דָאס גֶעזָאגְט,
אִיז זִיא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶע־
רוּפֶען אִיהְרֶע שְׁוֶועסְטֶער מִרְיָם שְׁטִילֶער־
הֵייט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דֶער רַבִּי אִיז
גֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר רוּפְט דִיךְ:
29 וְוִיא זִיא הָאט דָאס גֶעהֶערְט אִיז זִיא
גֶעשְׁווִינְד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד אִיז צוּ
אִיהְם גֶעקוּמֶען:
30 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז נָאךְ נִיט אִין דֶעם
דָארְף אַרַיינְגֶעקוּמֶען. נֵייעֶרְט עֶר וַואר
אִין דֶעם אָרְט וְואוּ מַרְתָּה הָאט אִיהְם
גֶעטְרָאפֶען:
31 אוּנְד דִיא יוּדֶען וָואס וַוארֶען מִיט
אִיהְר אִים הוֹיז אוּנְד הָאבֶּען זִיא גֶע־
טְרֵייסְט, וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז
מִרְיָם אִיז פְּלִיצְלִינְג אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זֵייא אִיהְר
נָאכְגֶעפָאלְגְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
זִיא גֵייט צוּם קֶבֶר, כְּדֵי דָארְטֶען וֵויינֶען:
32 אוּנְד וְוִיא מִרְיָם אִיז אַהִין גֶעקוּמֶען
וְואוּ יֵשׁוּעַ וַואר, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶע־
זֶעהֶען, אִיז זִיא אִיהְם צוּ דִיא פִּיס
גֶעפַאלֶען אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
הַאר, וֶוען דוּא הֶעסְט הִיר גֶעוֶועזֶען,
אַזוֹי הֶעט מֵיין בְּרוּדֶער נִיט גֶעשְׁטָאר־
בֶּען:
33 אוּנְד וְוִיא יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען אַז
זִיא הָאט גֶעוֵויינְט, אוּנְד אַז דִיא יוּדֶען
וָואס וַוארֶען מִיט אִיהְר הָאבֶּען גֶע־
וֵויינְט, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזִיפְצְט אִים
גֵייסְט, אוּנְד הָאט זִיךְ מְצַעֵר גֶעוֶועזֶען:
34 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַוְואוּ הָאט
אִיהְר אִיהְם גֶעלֵייגְט? אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, קוּם
אוּנְד זֶעה:
35 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעוֵויינְט:
36 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט,
זֶעהְט וְוִיא עֶר הָאט אִיהְם גֶעלִיבְּט:
37 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען גֶע־
זָאגְט, דֶער וָואס הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט
דִיא אוֹיגֶען פוּן אֵיין בְּלִינְדֶען, הֶעט עֶר
נִיט אוֹיךְ גֶעקֶענְט מַאכֶען אַז דִיזֶער
זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען?
38 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט וִוידֶער אִין זִיךְ
גֶעזִיפְצְט, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּם קֶבֶר.
אוּנְד עֶס וַואר אֵיינֶע הֵייל, אוּנְד אֵיין
שְׁטֵיין אִיז דְרוֹיף גֶעלֶעגֶען:
39 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, נֶעמְט
אַוֶועק דֶעם שְׁטֵיין. אוּנְד מַרְתָּה, דִיא
שְׁוֶועסְטֶער פוּן דֶעם טוֹיטֶען, הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, עֶר שְׁטִינְקְט שׁוֹין,
וָוארִין עֶר אִיז שׁוֹין פִיר טֶעג טוֹיט:
40 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶע־
זָאגְט, הָאבּ אִיךְ דִיר נִיט גֶעזָאגְט, וֶוען
דוּא וֶועסְט גְלוֹיבֶּען אַזוֹי וֶועסְט דוּא
זֶעהֶען דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט?
41 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא דֶעם שְׁטֵיין
אַוֶועקְגֶענוּמֶען פוּן דֶעם אָרְט וְואוּ דֶער
טוֹיטֶער אִיז גֶעלֶעגֶען. אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט
זֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, פָאטֶער, אִיךְ דַאנְק דִיר וָואס
דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעהֶערְט:
42 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעוְואוּסְט אַז דוּא
הֶערְסְט מִיךְ ׳ ָמִיר. אָבֶּער אִיךְ הָאבּ
דָאס גֶעזָאגְט וֶועגֶען דֶעם פָאלְק וָואס
שְׁטֵייט אַרוּם מִיר, אַז זֵייא זָאלֶען גְלוֹיבֶּען
אַז דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט:
43 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט,
הָאט עֶר גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אֵיין הוֹיךְ קוֹל,
אֶלְעָזָר, קוּם אַרוֹיס:

44 אוּנְד דֶער טוֹיטֶער אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, גֶעבּוּנְדֶען הֶענְד אוּנְד פִּיס מִיט דִיא תַּכְרִיכִין, אוּנְד זַיין פָּנִים וַואר פֶערְבּוּנְדֶען מִיט אַיין גְרוֹיסֶען טוּךְ. אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, בִּינְדֶעט אִיהְם אוֹיף, אוּנְד לָאזְט אִיהְם גֵיין:

45 אוּנְד פִילֶע פוּן דִיא יוּדֶען וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ מִרְיָם, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וָואס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעטְהוּן, הָאבֶּען אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט:

46 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא פְּרוּשִׁים, אוּנְד הָאבֶּען זַייא דֶערְצֵיילְט וָואס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעטְהוּן:

47 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דִיא סַנְהֶדְרִין, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן? וָוארִין דִיזֶער מַאן טְהוּט פִילֶע צֵייכֶען:

48 וֶוען מִיר וֶועלֶען אִיהְם אַזוֹי לָאזֶען, וֶועלֶען אַלֶע אָן אִיהְם גְלוֹיבֶּען. אוּנְד דִיא רוֹמִיִּים וֶועלֶען קוּמֶען, אוּנְד וֶועלֶען אַוֶועקְנֶעמֶען אוּנְזֶער אָרְט אוּנְד אוּנְזֶער פָאלְק:

49 אוּנְד אֵיינֶער פוּן זַייא וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען קַיָּפָא, אוּנְד וַואר דֶער כֹּהֵן גָּדוֹל אִין דִיזֶען יָאהְר, הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיהְר וֵוייסְט גָאר נִיט:

50 אוּנְד אִיהְר בֶּעטְרַאכְט נִיט אַז עֶס אִיז גוּט פַאר אוּנְס אַז אֵיין מֶענְשׁ זָאל שְׁטַארְבֶּען פַאר דֶעם פָאלְק, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל נִיט פֶערְלוֹירֶען גֵיין:

51 אָבֶער דָאס הָאט עֶר נִיט גֶערֶעט פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט, נֵייעֶרְט וֵוייל עֶר וַואר דֶער כֹּהֵן גָּדוֹל אִין דִיזֶען יָאהְר, אַזוֹי הָאט עֶר נְבִיאוּת גֶעזָאגְט אַז יֵשׁוּעַ וֶועט שְׁטַארְבֶּען פַאר דֶעם פָאלְק:

52 אוּנְד נִיט פַאר דֶעם פָאלְק אַלֵיין, נֵייעֶרְט אַז עֶר זָאל אִין אֵיינֶעם אֵיינְזַאמְלֶען דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט וָואס זֶענֶען צֶערְשְׁפְּרֵייעֶט:

53 אַזוֹי הָאבֶּען זַייא פוּן דֶעם טָאג אָן אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען:

54 דָארוּם אִיז יֵשׁוּעַ נִיט מֶעהְר אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען עֶפֶענְטְלִיךְ צְווִישֶׁען דִיא יוּדֶען. נֵייעֶרְט עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ אֵיין לַאנְד נָאהְנְט צוּ דֶער מִדְבָּר, צוּ אֵיינֶע שְׁטָאט וָואס הֵייסְט אֶפְרָיִם, אוּנְד עֶר הָאט דָארְטֶען גֶעוְואוֹינְט מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים:

55 אוּנְד עֶס וַואר נָאהֶענְט צוּם יוּדִישֶׁען יוֹם טוֹב חַג־הַפֶּסַח, אוּנְד פִילֶע פוּן דֶעם לַאנְד זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם אוֹיף פֶּסַח, כְּדֵי זַייא זָאלֶען זִיךְ רֵיינִיגֶען:

56 אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעזוּכְט יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ גֶערֶעט וֶוען זַייא זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, וָואס דֶענְקְט אִיהְר דָאס עֶר וֶועט נִיט קוּמֶען צוּם יוֹם טוֹב?

57 אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען אֵיין גֶעבָּאט אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען, דָאס וֶוען אִימֶעצֶער וֶועט וִויסֶען וְואוּ עֶר אִיז, אַזוֹי זָאל עֶר עֶס אָנְזָאגֶען, כְּדֵי זַייא זָאלֶען אִיהְם נֶעמֶען:

## קאפיטעל יב

1 אוּנְד זֶעקְס טָאג פַאר פֶּסַח אִיז יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען נָאךְ בֵּית־עַנְיָה, וְואוּ אֶלְעָזָר דֶער גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶועלְכֶען עֶר הָאט פוּן דֶעם טוֹיט אוֹיפְגֶעוֶועקְט:

2 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם דָארְטֶען גֶעמַאכְט אֵיין אָבֶענְדְמָאהְל, אוּנְד מַרְתָּה

הָאט בֶּעדִינְט; אוּנְד אֶלְעָזָר וַואר אֵיינֶער
פוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעזֶע־
סֶען בֵּיים טִישׁ׃
3 אוּנְד מִרְיָם הָאט גֶענוּמֶען אֵיין פוּנְט
פוּן זֶעהְר טֵייעֶרֶען נֵרְדְאֵייל, אוּנְד הָאט
גֶעזַאלְבְּט דִיא פִּיס פוּן יֵשׁוּעַ, אוּנְד
הָאט זֵייא אָבְּגֶעווִישְׁט מִיט אִיהְרֶע הָאר;
אוּנְד דָאס הויז וַואר פוּל מִיט דֶעם
רֵיחַ פוּן דֶעם אֵייל׃
4 אַזוֹי הָאט אֵיינֶער פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים
גֶעזָאגְט, יְהוּדָה אִישׁ־קְרִיוֹת, דֶער זוּהְן
פוּן שִׁמְעוֹן, וָואס הָאט אִיהְם גֶעזָאלְט
פֶערְרָאטֶען׃
5 וָוארוּם אִיז נִיט דִיזֶעס אֵייל פֶערְ־
קוֹיפְט גֶעוָוארֶען פַאר דְרֵייא הוּנְדֶערְט
גִילְדֶען. אוּנְד אִיז צוּ דִיא אָרֶעמֶע לֵייט
גֶעגֶעבֶּען׃
6 אָבֶּער דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט, נִיט
ווייל עֶר הָאט גֶעזָארְגט פַאר דִיא
אָרֶעמֶע לֵייט, נֵייעֶרְט ווייל עֶר וַואר
אֵיין גַנָב, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט דֶעם
בֵּייטֶעל, אוּנְד הָאט גֶעטְרָאגֶען וָואס
וַואר דְרִינֶען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען׃
7 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, לָאז זִיא
צוּ רוּה; זִיא הָאט עֶס בֶּעהַאלְטֶען צוּם
טָאג פוּן מֵיינֶע קְבוּרָה׃
8 וָוארִין דִיא אָרֶעמֶע לֵייט הָאט אִיהְר
תָּמִיד מִיט אֵייךְ, אָבֶּער מִיךְ הָאט
אִיהְר נִיט תָּמִיד׃
9 אוּנְד פִיל פָאלְק פוּן דִיא יוּדֶען
הָאבֶּען גֶעווָאוּסְט אַז עֶר אִיז דָארְטֶען.
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען, נִיט פוּן
וֶועגֶען יֵשׁוּעַ אַלֵיין, נֵייעֶרְט זֵייא זָאלֶען
אוֹיךְ זֶעהֶען אֶלְעָזָר, וֶועלְכֶען עֶר הָאט
פוּן דֶעם טוֹיט אוֹיפְגֶעוֶועקְט׃
10 אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים הָאבֶּען
אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען אַז זֵייא זָאלֶען
אֶלְעָזָר אוֹיךְ אוּמְבְּרֶענְגֶען׃
11 וָוארִין פִילֶע פוּן דִיא יוּדֶען זֶענֶען
דוּרְךְ אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אָן יֵשׁוּעַ׃
12 אוּנְד צוּ מָארְגֶען, וֶוען אֵיין גְרוֹיס
פָאלְק וָואס אִיז גֶעקוּמֶען צוּם יוֹם טוֹב,
הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז יֵשׁוּעַ קוּמְט נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם׃
13 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶענוּמֶען צְווייגֶען
פוּן טֵייטֶעלְבֵּיימֶער, אוּנְד זֶענֶען אִיהְם
עֶנְטְגֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶע־
שְׁרִיגֶען, הוֹשַׁעְ־נָא, גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער
וָואס קוּמְט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם
הַאר גָאט, דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל׃
14 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעפוּנֶען אֵיין
יוּנְגֶעס אֵייזֶעלֶע, אוּנְד הָאט זִיךְ דַארוֹיף
גֶעזֶעצְט, אַזוֹי ווִיא עֶס שְׁטֵייט גֶע־
שְׁרִיבֶּען׃
15 פָארְכְט דִיךְ נִיט, דוּא טָאכְטֶער
פוּן צִיוֹן, זֶעה, דֵיין קֶענִיג קוּמְט, וָואס
רֵייט אוֹיף אֵיין יוּנְג פִילְכֶען פוּן אֵיין
אֵייזֶעל׃
16 אָבֶּער זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס
צוּעֶרְשְׁט נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען. נֵייעֶרְט וֶוען
יֵשׁוּעַ אִיז פֶערְהֶערְלִיכְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא גֶעדֶענְקְט אַז דִיזֶע זַאכֶען
זֶענֶען אוֹיף אִיהְם גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּנְד אַז
זֵייא הָאבֶּען דִיזֶעס צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן׃
17 אוּנְד דָאס פָאלְק וָואס וַואר מִיט
אִיהְם הָאבֶּען עֵדוּת גֶעזָאגְט, אַז עֶר
הָאט אֶלְעָזָר אַרוֹיסְגֶערוּפֶען פוּן דֶעם
קֶבֶר, אוּנְד הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט
פוּן דֶעם טוֹיט׃
18 אוּנְד דַארוּם אִיז אִיהְם דָאס פָאלְק
עֶנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען, ווייל זֵייא הָאבֶּען
גֶעהֶערְט אַז עֶר הָאט דָאס צֵייכֶען גֶע־
טְהוּן׃

19 אַזוי הָאבֶּען דִיא פְּרוּשִׁים אֵיינֶער
צוּם אַנְדֶערְן גֶעזָאגְט, זֶעהְט אִיהְר, אַז
אִיהְר טְהוּט גָאר נִיט אוֹיסְרִיכְטֶען ?
זֶעהְט, דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט גֵייט אִיהְם
נָאךְ :
20 אוּנְד עֶס וַוארֶען עֶטְלִיכֶע גְרִיכֶען
צְוִוישֶׁען דִיא וָואס זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
צוּ בֶּעטֶען אוֹיף דֶעם יוֹם טוֹב :
21 אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ
פִּילִיפּוּס פוּן בֵּית־צַיְדָה אִין גָלִיל, אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, הַאר, מִיר ווִילֶען זֶעהֶען יֵשׁוּעַ :
22 אוּנְד פִּילִיפּוּס אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאט עֶס גֶעזָאגְט צוּ אַנְדְרַי ; אוּנְד
אַנְדְרַי אוּנְד פִּילִיפּוּס הָאבֶּען עֶס ווִידֶער
גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ :
23 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דִיא שָׁעָה אִיז גֶע־
קוּמֶען אַז דֶער בֶּן־אָדָם זָאל פֶערְ־
הֶערְלִיכְט וֶוערֶען :
24 פַארְוָואהְר, פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ
אֵייךְ, וֶוען דֶער זָאמֶען פוּן ווייץ פַאלְט
נִיט אִין דֶער עֶרְד אוּנְד שְׁטַארְבְּט,
אַזוי בְּלֵייבְּט עֶס אַלֵיין. אָבֶּער וֶוען עֶס
שְׁטַארְבְּט, אַזוי טְרָאגְט עֶס פִיל פְּרוּכְט :
25 דֶער וָואס לִיבְּט זַיין לֶעבֶּען וֶועט
עֶס פֶערְלִירֶען. אָבֶּער וֶוער עֶס הַאסְט
זַיין לֶעבֶּען אִין דִיזֶער וֶועלְט, דֶער
וֶועט עֶס דֶערְהַאלְטֶען צוּם אֵייבִּיגֶען
לֶעבֶּען :
26 וֶוען אֵיינֶער וִויל מִיר דִינֶען, לָאז
עֶר מִיר נָאכְפָאלְגֶען. אוּנְד וְואוּ אִיךְ
בִּין דָארְטֶען וֶועט מֵיין בֶּעדִינְטֶער אוֹיךְ
זַיין, אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט מִיר דִינֶען,
דֶעם וֶועט מֵיין פָּאטֶער עֶהְרֶען :
27 אַצוּנְד אִיז מֵיינֶע זֶעלֶע בֶּעטְרִיבְּט.
אוּנְד וָואס זָאל אִיךְ זָאגֶען ? פָּאטֶער,
הֶעלְף מִיר פוּן דִיזֶער שָׁעָה, אַרוֹיס.
אָבֶּער אִיךְ בִּין פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען צוּ
דִיזֶער שָׁעָה גֶעקוּמֶען :
28 פָּאטֶער, פֶערְהֶערְלִיךְ דֵיין נָאמֶען.
אַזוי אִיז אֵיין קוֹל גֶעקוּמֶען פוּן הִימֶעל,
אִיךְ הָאבּ עֶס פֶערְהֶערְלִיכְט, אוּנְד אִיךְ
וֶועל עֶס ווִידֶער פֶערְהֶערְלִיכֶען :
29 אוּנְד דָאס פָאלְק וָואס אִיז דָא
גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט עֶס גֶעהֶערְט,
הָאט גֶעזָאגְט, עֶס דוּנֶערְט. אַנְדֶערֶע
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אֵיין מַלְאָךְ הָאט מִיט
אִיהְם גֶערֶעט :
30 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, דָאס קוֹל ווַאר נִיט פוּן
מֵיינֶעט וֶועגֶען, נֵייעֶרְט פוּן אֵיירֶעט
וֶועגֶען :
31 אַצוּנְד אִיז דָאס מִשְׁפָּט פוּן דִיזֶער
וֶועלְט. אַצוּנְד וֶוערְט דֶער הַאר פוּן
דִיזֶער וֶועלְט אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען :
32 אוּנְד אִיךְ, וֶוען אִיךְ וֶועל אוֹיפְ־
גֶעהוֹיבֶּען וֶוערֶען פוּן דֶער עֶרְד, אַזוי
וֶועל אִיךְ אַלֶע מֶענְשֶׁען צוּ מִיר צִיהֶען :
33 אוּנְד דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט, צוּ
בֶּעדֵייטֶען מִיט וָואס פַאר אֵיין טוֹיט
עֶר וֶועט שְׁטַארְבֶּען :
34 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט אִיהְם גֶע־
עֶנְטפֶערְט, מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט פוּן
דֶער תּוֹרָה, אַז דֶער מָשִׁיחַ וֶועט אֵייבִּיג
בְּלֵייבֶּען, אוּנְד דוּא זָאגְסְט אַז דֶער
בֶּן־אָדָם מוּס אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען וֶוערֶען ?
וֶוער אִיז דָאס דֶער בֶּן־אָדָם ?
35 אַזוי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
נָאךְ אֵיינֶע קוּרְצֶע צֵייט אִיז דָאס לִיכְט
בֵּייא אֵייךְ. גֵייט אַרוּם ווייל אִיהְר הָאט
דָאס לִיכְט, כְּדֵי דִיא פִינְסְטֶערְנִיס זָאל
אֵייךְ נִיט אִיבֶּערְפַאלֶען. וָוארִין דֶער
וָואס גֵייט אַרוּם אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס,

װײסְט נִיט װאוּ אַהִין עֶר גײט :
36 װײל אִיהְר הָאט דָאס לִיכְט
גְלױבְּט אִין דֶעם לִיכְט, אַז אִיהְר זָאלְט
זײן דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם לִיכְט. דָאס
הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, אוּנְד אִיז אַװֶעקְ־
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ פֶערְהוּילֶען :
37 אָבֶּער חָאטְשֶׁע עֶר הָאט אַזױ פִיל
צײכֶען גֶעטְהוּן פַאר זײא, הָאבֶּען זײא
דָאךְ נִיט אָן אִיהְם גֶעגְלױבְּט :
38 כְּדֵי דִיא רֵייד פוּן יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא
זָאל מְקוּיָּם װֶערֶען, װָאס עֶר הָאט גֶע־
זָאגְט, הַאר, װֶער הָאט גֶעגְלױבְּט
אוּנְזֶער שְׁמוּעָה, אוּנְד צוּ װֶעמֶען אִיז
דִיא אָרֶעם פוּן דֶעם הַאר גָאט עֶנְט־
פְּלֶעקְט גֶעװָארֶען ?
39 דָארוּם הָאבֶּען זײא נִיט גֶעקֶענְט
גְלױבֶּען, װָארִין יְשַׁעְיָה הָאט װִידֶער
גֶעזָאגְט :
40 עֶר הָאט זײעֶרֶע אױגֶען בְּלִינְד גֶע־
מַאכְט ,אוּנְד הָאט פֶערְשְׁטָאפְּט זײעֶר
הַארְץ, כְּדֵי זײא זָאלֶען נִיט זֶעהֶען מִיט
דִיא אױגֶען, אוּנְד פֶערְשְׁטֵיין מִיט דֶעם
הַארְץ, אוּנְד זײא װָעלֶען זִיךְ אוּמְ־
קֶערֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל זײא הֵיילֶען :
41 דָאס הָאט יְשַׁעְיָה גֶעזָאגְט, װֶען
עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען זײנֶע הֶערְלִיכְקֵייט,
אוּנְד הָאט פוּן אִיהְם גֶערֶעט :
42 אָבֶּער דָאךְ הָאבֶּען פִילֶע פוּן דִיא
עֶלְצְטֶע אױךְ אָן אִיהְם גֶעגְלױבְּט ;
נֵייעֶרְט װֶעגֶען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען זײא
עֶס נִיט בֶּעקֶענְט, אַז זײא זָאלֶען נִיט
אױס דֶער שׁוּל אַרױסְגֶעװָארְפֶען װֶערֶען :
43 װָארִין זײא הָאבֶּען גֶעלִיבְּט דֶעם
כָּבוֹד פוּן מֶענְשֶׁען מֶעהְר װִיא דֶעם
כָּבוֹד פוּן גָאט :
44 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, װֶער עֶס װֶעט גְלױבֶּען אָן
מִיר, דֶער גְלױבְּט נִיט אָן מִיר, נֵייעֶרְט
אָן אִיהְם װָאס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט :
45 אוּנְד דֶער װָאס זֶעהְט מִיךְ, זֶעהְט
אִיהְם װָאס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט :
46 אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען פַאר אֵיין לִיכְט
צוּ דֶער װֶעלְט, אַז אִיטְלִיכֶער װָאס
גְלױבְּט אָן מִיר זָאל נִיט בְּלֵייבֶּען אִין
דֶער פִינְסְטֶערְנִיס :
47 אוּנְד װֶער עֶס הֶערְט מֵיינֶע רֵייד
אוּנְד גְלױבְּט נִיט, דֶעם טְהוּא אִיךְ נִיט
רִיכְטֶען. װָארִין אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען
דִיא װֶעלְט צוּ רִיכְטֶען, נֵייעֶרְט אַז אִיךְ
זָאל דִיא װֶעלְט מַצִיל זײן :
48 דֶער װָאס טְהוּט מִיךְ פֶערְאַכְטֶען,
אוּנְד נֶעמְט נִיט אָן מֵיינֶע רֵייד, דֶער
הָאט אֵיינֶעם װָאס טְהוּט אִיהְם רִיכְטֶען.
דָאס װָארְט װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט,
דָאס װֶעט אִיהְם רִיכְטֶען אִין דֶעם
לֶעצְטֶען טָאג :
49 װָארִין אִיךְ הָאבּ נִיט פוּן מִיר
זֶעלְבְּסְט גֶערֶעט, נֵייעֶרְט דֶער פָאטֶער
װָאס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט הָאט מִיר
אֵיין גֶעבָּאט גֶעגֶעבֶּען, װָאס אִיךְ זָאל
זָאגֶען אוּנְד װָאס אִיךְ זָאל רֶעדֶען :
50 אוּנְד אִיךְ װֵייס אַז זײן גֶעבָּאט אִיז
דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען. דַארוּם װָאס אִיךְ
רֶעד, דָאס רֶעד אִיךְ אַזױ װִיא דֶער
פָאטֶער הָאט מִיר גֶעזָאגְט :

## קאפיטעל יג

1 אוּנְד פַאר דֶעם יוֹם טוֹב פוּן חַג
הַפֶּסַח, װֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעװוּסְט אַז
זײנֶע צײט אִיז גֶעקוּמֶען אַז עֶר זָאל
אַװֶעקְגֵיין פוּן דִיזֶער װֶעלְט צוּם פָאטֶער,
װִיא עֶר הָאט גֶעלִיבְּט דִיא זײנִיגֶע װָאס
װַארֶען אִין דֶער װֶעלְט, אַזױ הָאט עֶר
זײא גֶעלִיבְּט בִּיז צוּם עֶנְד :
2 אוּנְד נָאךְ דֶעם אָבֶּענְדְמָאל, װֶען

דֶער שָׂטָן הָאט שׁוֹין יְהוּדָה אִישׁ־קְרִיוֹת, דֶעם זוּהְן פוּן שִׁמְעוֹן, אִין הַארְץ אַרֵיינְגֶעגֶעבֶּען אַז עֶר זָאל אִיהְם פֶערְרָאטֶען:

3 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעווְאוּסְט אַז דֶער פָאטֶער הָאט אִיהְם אַלֶעס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין זֵיינֶע הֶענְד אַרֵיין, אוּנְד אַז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען פוּן גָאט אוּנְד גֵייט צוּ גָאט:

4 אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דֶעם אָבֶּענְדְמָאל, אוּנְד הָאט דִיא קְלֵיידֶער אָן דֶער זֵייט גֶעלֵייגְט, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען אֵיין הַאנְדטוּךְ, אוּנְד הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעגַארְטֶעלְט:

5 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר אַרֵיינְגֶעגָאסֶען וַואסֶער אִין אֵיין בֶּעקֶען, אוּנְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ וַואשֶׁען דִיא פִּיס פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד אָפְּצוּווִישֶׁען מִיט דֶעם הַאנְדטוּךְ מִיט וֶועלְכֶען עֶר וַואר אַרוּמְגֶעגַארְטֶעלְט:

5 אַזוֹי אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס. אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, טְהוּסְט דוּא מֵיינֶע פִּיס וַואשֶׁען?

7 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס אִיךְ טְהוּא דָאס וֵייסְט דוּא נִיט אַצוּנְד, אָבֶּער דוּא וֶועסְט עֶס דֶערְנָאךְ ווִיסֶען:

8 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט קֵיינְמָאל נִיט וַואשֶׁען מֵיינֶע פִּיס. אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטפֶערְט, וֶוען אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט וַואשֶׁען, אַזוֹי הָאסְט דוּא נִיט קֵיין טֵייל אָן מִיר:

9 אוּנְד שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, נִיט אַלֵיין מֵיינֶע פִּיס, נֵייעֶרְט אוֹיךְ מֵיינֶע הֶענְד אוּנְד מֵיין קָאפּ:

10 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוער עֶס אִיז גֶעוַואשֶׁען בֶּעדַארְף נִיט מֶעהְר נֵייעֶרְט דִיא פִּיס צוּ וַואשֶׁען, אוּנְד עֶר אִיז גַאנְץ רֵיין. אוּנְד אִיהְר זֵייט רֵיין, אָבֶּער נִיט אַלֶע:

11 וָוארִין עֶר הָאט גֶעווְאוּסְט וֶוער עֶס וֶועט אִיהְם פֶערְרָאטֶען, דַארוּם הָאט עֶר גֶעזָאגְט. אִיהְר זֶענְט נִיט אַלֶע רֵיין:

12 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זֵיירֶע פִּיס אָפְּגֶעוַואשֶׁען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶענוּמֶען זֵיינֶע קְלֵיידֶער אוּנְד הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֵוייסְט אִיהְר וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעטְהוּן?

13 אִיהְר רוּפְט מִיךְ רַבִּי, אוּנְד הַאר, אוּנְד אִיהְר זָאגְט רֶעכְט, וָוארִין אִיךְ בִּין דָאס:

14 דָארוּם וֶוען אִיךְ, אֵייעֶר הַאר אוּנְד רַבִּי, הָאבּ אֵיירֶע פִּיס גֶעוַואשֶׁען, אַזוֹי דַארְפְט אִיהְר אוֹיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן דִיא פִּיס צוּ וַואשֶׁען:

15 וָוארִין אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אֵיין בֵּייאשְׁפִּיל גֶעגֶעבֶּען, אַז אִיהְר זָאלְט טְהוּן אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעטְהוּן:

16 בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, דֶער קְנֶעכְט אִיז נִיט גְרֶעסֶער פוּן זֵיין הַאר, אוּנְד דֶער שָׁלִיחַ אִיז נִיט גְרֶעסֶער פוּן דֶעם וָואס הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט:

17 וֶוען אִיהְר וֵוייסְט דִיזֶע זַאכֶען, ווָאוֹיל אֵייךְ וֶוען אִיהְר טְהוּט זֵייא:

18 אִיךְ זָאג דָאס נִיט וֶועגֶען אֵייךְ אַלֶעִ, אִיךְ וֵוייס וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ אוֹיסְדֶערְוֵויילְט. נֵייעֶרְט אַז דִיא שְׁרִיפְט זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען, דֶער וָואס עֶסְט בְּרוֹיט מִיט מִיר, הָאט דִיא טְרִיט קֶעגֶען מִיר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען:

19 אַצוּנְד זָאג אִיךְ עֶס אֵייךְ אֵיידֶער

עֶס גֶעשֶׁעהֶט, אַז וֶוען עֶס וֶועט גֶע־
שֶׁעהֶען זָאלְט אִיהְר גְלוֹיבֶּען אַז אִיךְ
בִּין דָאס ׃
20 בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, דֶער
וָאס עֶנְטְפַּאנְגְט דֶעם וֶועמֶען אִיךְ וֶועל
שִׁיקֶען, דֶער עֶנְטְפַּאנְגְט מִיךְ, אוּנְד דֶער
וָאס עֶנְטְפַּאנְגְט מִיךְ, עֶנְטְפַּאנְגְט דֶעם
וָאס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט ׃
21 וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעזָאגְט,
אַזוֹי וַואר עֶר בֶּעטְרִיבְּט אִין דֶעם גֵייסְט,
אוּנְד עֶר הָאט בֶּעצֵייגְט אוּנְד הָאט גֶע־
זָאגְט, בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,
אֵיינֶער פוּן אֵייךְ וֶועט מִיךְ פֶערְרָאטֶען ׃
22 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא תַּלְמִידִים אֵיינֶער
אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן גֶעקוּקְט, אוּנְד זֶענֶען
אִין סָפֵק גֶעוֶועזֶען אוֹיף וֶועמֶען עֶר הָאט
דָאס גֶעזָאגְט ׃
23 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא תַּלְמִידִים,
וֶועלְכֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט, וַואר אָנְ־
גֶעלֶעהְנְט אָן דֶער בְּרוּסְט פוּן יֵשׁוּעַ ׃
24 אַזוֹי הָאט שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס צוּ אִיהְם
גֶעווִינְקְט, אַז עֶר זָאל פְרֶעגֶען וֶוער
דָאס אִיז אוֹיף וֶועמֶען עֶר הָאט דָאס
גֶעזָאגְט ׃
25 אוּנְד דֶער אָנְגֶעלֶעהְנְטֶער אוֹיף
דֶער בְּרוּסְט פוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, הַאר, וֶועלְכֶער אִיז דָאס ?
26 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, עֶס
אִיז דֶער צוּ וֶועלְכֶען אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען
דֶעם בִּיסֶען, וֶוען אִיךְ הָאבּ עֶס אֵיינְ־
גֶעטוּנְקְט. אוּנְד עֶר הָאט דֶעם בִּיסֶען
אֵיינְגֶעטוּנְקְט, אוּנְד הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען
צוּ יְהוּדָה אִישׁ־קְרִיּוֹת, דֶעם זוּהְן פוּן
שִׁמְעוֹן ׃
27 אוּנְד נָאךְ דֶעם בִּיסֶען אִיז דֶער
שָׂטָן אִין אִיהְם אַרֵיינְגֶעקוּמֶען. אַזוֹי
הָאט יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָאס דוּא
טְהוּסְט, טְהוּא עֶס גֶעשְׁווִינְד ׃
28 אוּנְד קֵיינֶער אַרוּם דֶעם טִישׁ הָאט
נִיט גֶעווְאוּסְט צוּ וָאס עֶר הָאט אִיהְם
דָאס גֶעזָאגְט ׃
29 וָוארִין עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעמֵיינְט,
ווייל יְהוּדָה הָאט גֶעהַאט דֶעם בֵּייטֶעל,
אַז יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, קוֹיף
אֵיין וָאס מִיר הָאבֶּען נֵייטִיג אוֹיף דֶעם
יוֹם טוֹב. אָדֶער אַז עֶר זָאל עֶפֶּעס
גֶעבֶּען צוּ דִיא אָרֶעמֶע לֵייט ׃
30 אַזוֹי הָאט עֶר גֶענוּמֶען דֶעם בִּיסֶען
אוּנְד אִיז בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
עֶס וַואר נַאכְט ׃
31 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, אַצוּנְד אִיז
דֶער בֶּן־אָדָם פֶערְהֶערְלִיכְט, אוּנְד גָאט
אִיז פֶערְהֶערְלִיכְט אִין אִיהְם ׃
32 וֶוען גָאט אִיז פֶערְהֶערְלִיכְט אִין
אִיהְם, אַזוֹי וֶועט אִיהְם גָאט אוֹיךְ
פֶערְהֶערְלִיכֶען אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אוּנְד
עֶר וֶועט אִיהְם בַּאלְד פֶערְהֶערְלִיכֶען ׃
33 מֵיינֶע קִינְדֶער, נָאךְ אֵיינֶע קְלֵיינֶע
ווַיילֶע בִּין אִיךְ בֵּייא אֵייךְ ; אִיהְר וֶועט
מִיךְ זוּכֶען, אוּנְד אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ
גֶעזָאגְט צוּ דִיא יוּדֶען, וְואוּ אַהִין אִיךְ
גֵייא קֶענְט אִיהְר נִיט קוּמֶען, אַזוֹי זָאג
אִיךְ אַצוּנְד צוּ אֵייךְ ׃
34 אֵיין נֵייעֶס גֶעבָּאט גִיבּ אִיךְ אֵייךְ,
אִיהְר זָאלְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען
לִיבֶּען. אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶע־
לִיבְּט, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אוֹיךְ אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען ׃
35 דוּרְךְ דִיזֶען וֶועלֶען אַלֶע ווִיסֶען אַז
אִיהְר זֶענְט מֵיינֶע תַּלְמִידִים, וֶוען אִיהְר
הָאט לִיבְּשַׁאפְט אוּנְטֶער אֵיינְאַנְדֶער ׃
36 אוּנְד שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, וְואוּ אַהִין גֵייסְט

דוּא ? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעֶ־
עֶנְטפֶערְט, וְואוּ אַהִין אִיךְ גֵייא, קֶענְסְט
דוּא מִיר אַצוּנְד נִיט נָאכְפָאלְגֶען. אָבֶּער
דוּא וֶועסְט מִיר דֶערְנָאךְ נָאכְפָאלְגֶען :
37 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶעֶ־
זָאגְט, הַאר, וָוארוּם קֶען אִיךְ דִיר
אַצוּנְד נִיט נָאכְפָאלְגֶען ? אִיךְ וֶועל
מֵיין לֶעבֶּען פַאר דִיר אַנִידֶערְלֵייגֶען :
38 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט, וֶועסְט דוּא דֵיין לֶעבֶּען פַאר
מִיר אַנִידֶערְלֵייגֶען ? בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג
אִיךְ דִיר, דֶער הָאן וֶועט נִיט קְרֵייעֶן
בִּיז דוּא וֶועסְט מִיךְ דְרֵייא מָאל פֶערְ־
לֵייקֶענֶען :

## קאפיטעל יד

1 לָאז אֵייעֶר הַארְץ נִיט דֶערְשְׁרָאקֶען
זַיין. אִיהְר גְלוֹיבְּט אָן גָאט, גְלוֹיבְּט
אוֹיךְ אָן מִיר :
2 אִין מֵיין פָאטֶערְס הויז זֶענֶען פִילֶע
וְואוינוּנְגֶען. וֶוען עֶס הֶעט נִיט אַזוֹי
גֶעוֶועזֶען, הֶעט אִיךְ אֵייךְ גֶעזָאגְט. אִיךְ
גֵייא אַוֶועק כְּדֵי אֵיין אָרְט פַאר אֵייךְ
פָארְצוּבֶּערֵייטֶען :
3 אוּנְד וֶוען אִיךְ גֵייא אוּנְד וֶועל אֵיין
אָרְט פַאר אֵייךְ פָארְבֶּערֵייטֶען, אַזוֹי
וֶועל אִיךְ ווִידֶער קוּמֶען אוּנְד וֶועל
אֵייךְ צוּ מִיר גֶענֶעמֶען, אַז אִיהְר זָאלְט
זַיין דָארְטֶען וְואוּ אִיךְ בִּין :
4 אוּנְד אִיהְר ווֵייסְט וְואוּ אַהִין אִיךְ
גֵייא, אוּנְד אִיהְר ווֵייסְט דֶעם וֶועג :
5 אוּנְד תוֹמָא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
הַאר, מִיר ווִיסֶען נִיט וְואוּ אַהִין דוּא
גֵייסְט, אוּנְד ווִיא אַזוֹי קֶענֶען מִיר דֶעם
וֶועג ווִיסֶען ?
6 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אִיךְ בִּין דֶער וֶועג, אוּנְד דִיא וָואהרְ־
הֵייט, אוּנְד דָאס לֶעבֶּען. קֵיינֶער
קוּמְט נִיט צוּם פָאטֶער, נֵייעֶרְט דוּרְךְ
מִיר :
7 וֶוען אִיהְר הֶעט מִיךְ גֶעקֶענְט, אַזוֹי
הֶעט אִיהְר מֵיין פָאטֶער אוֹיךְ גֶעקֶענְט.
אוּנְד פוּן אַצוּנְד אָן קֶענְט אִיהְר אִיהְם,
אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען :
8 אוּנְד פִילִיפּוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶעֶ־
זָאגְט, הַאר, ווייז אוּנְס דֶעם פָאטֶער,
אַזוֹי אִיז עֶס גֶענוּג פַאר אוּנְס :
9 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
בִּין אִיךְ אַזוֹי לַאנְג מִיט אֵייךְ גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד דוּא קֶענְסְט מִיךְ נִיט פִילִיפּוּס ?
וֶוער עֶס הָאט מִיךְ גֶעזֶעהֶען, הָאט גֶעֶ־
זֶעהֶען דֶעם פָאטֶער, אוּנְד ווִיא אַזוֹי
זָאגְסְט דוּא, ווייז אוּנְס דֶעם פָאטֶער ?
10 גְלוֹיבְּסְט דוּא נִיט אַז אִיךְ בִּין אִין
דֶעם פָאטֶער, אוּנְד דֶער פָאטֶער אִיז
אִין מִיר ? דִיא רֵייד וָואס אִיךְ זָאג צוּ
אֵייךְ, דָאס זָאג אִיךְ נִיט פוּן מִיר
זֶעלְבְּסְט, נֵייעֶרְט דֶער פָאטֶער וָואס
וְואוינְט אִין מִיר, דֶער טְהוּט דִיא
מַעֲשִׂים :
11 גְלוֹיבְּט מִיר אַז אִיךְ בִּין אִין דֶעם
פָאטֶער, אוּנְד דֶער פָאטֶער אִיז אִין
מִיר. אוּנְד וֶוען נִיט, אַזוֹי גְלוֹיבְּט מִיר
וֶועגֶען דִיא מַעֲשִׂים :
12 בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, דֶער
וָואס גְלוֹיבְּט אָן מִיר, וֶועט אוֹיךְ טְהוּן
דִיא מַעֲשִׂים וָואס אִיךְ טְהוּא, אוּנְד עֶר
וֶועט טְהוּן גְרֶעסֶערֶע פוּן דִיזֶע, ווייל
אִיךְ גֵייא צוּ מֵיין פָאטֶער :
13 אוּנְד וָואס אִיהְר וֶועט בֶּעטֶען אִין
מֵיין נָאמֶען, דָאס וֶועל אִיךְ טְהוּן, כְּדֵי
דֶער פָאטֶער זָאל פֶערְהֶערְלִיכְט וֶוערֶען
אִין דֶעם זוּהְן :
14 וֶוען אִיהְר וֶועט עֶפֶּעס בֶּעטֶען אִין
מֵיין נָאמֶען, וֶועל אִיךְ עֶס טְהוּן :

15 ווען איהר ליבט מיך, האלט מיינע מצות׃

16 אונד איך וועל בעטען דעם פאטער, אונד ער וועט אייך געבען איין אנדערען טרייסטער, אז ער זאל ביא אייך בלייבען אויף איביג׃

17 דעם גייסט פון וואהרהייט, וועלכען דיא וועלט קען ניט עמפפאנגען. ווייל זיא זעהט איהם ניט, אונד קען איהם ניט; אבער איהר קענט איהם. ווארין ער בלייבט ביא אייך, אונד וועט אין אייך זיין׃

18 איך וועל אייך ניט איבערלאזען יתומים. איך וועל צו אייך קומען׃

19 נאך איינע קליינע ווילע, אונד דיא וועלט זעהט מיך ניט מעהר. אבער איהר וועט מיך זעהען. ווייל איך לעב דרום וועט איהר אויך לעבען׃

20 אין דעם טאג וועט איהר וויסען אז איך בין אין מיין פאטער, אונד איהר אין מיר, אונד איך אין אייך׃

21 דער וואס האט מיינע מצות אונד האלט זייא, דאס איז דער וואס ליבט מיך. אונד דער וואס ליבט מיך, וועט געליבט זיין ביא מיין פאטער. אונד איך וועל איהם ליב האבען, אונד וועל מיך צו איהם בעווייזען׃

22 אונד יהודה (ניט איש־קריות) האט צו איהם געזאגט, האר, וואס איז דאס וואס דוא וועסט דיך בעווייזען צו אונס, אונד ניט צו דער וועלט?

23 אונד ישוע האט געענטפערט אונד האט צו איהם געזאגט, ווער עס ליבט מיך, דער וועט מיין ווארט האלטען; אונד מיין פאטער וועט איהם ליבען, אונד מיר וועלען צו איהם קומען, אונד וועלען אונזערע וואוינונג ביא איהם מאכען׃

24 אונד ווער עס ליבט מיך ניט, דער האלט ניט מיינע רייד; אונד דאס ווארט וואס איהר הערט איז ניט מיין, נייערט פון דעם פאטער וואס האט מיך געשיקט׃

25 דאס האב איך צו אייך געזאגט, ווייל איך בין נאך ביא אייך׃

26 אבער דער טרייסטער, דער רוח הקודש, וועלכען דער פאטער וועט שיקען אין מיין נאמען, ער וועט אייך אלעס לעהרען, אונד וועט אייך דער־מאנען אן אלעס וואס איך האב אייך געזאגט׃

27 פרידען לאז איך אייך איבער, מיין פרידען גיב איך אייך. ניט אזוי וויא דיא וועלט גיבט, גיב איך אייך. לאז אייער הארץ ניט דערשראקען זיין, אונד לאז עס זיך ניט פארכטען׃

28 איהר האט געהערט אז איך האב צו אייך געזאגט, איך גייא אוועק אונד קום ווידער צו אייך. ווען איהר העט מיך ליב געהאט, אזוי העט איהר אייך געפרייט, ווייל איך האב געזאגט, איך גייא צום פאטער, ווארין מיין פאטער איז גרעסער פון מיר׃

29 אונד אצונד האב איך עס אייך געזאגט איידער עס געשעהט. אז ווען עס וועט געשעהען אזוי זאלט איהר גלויבען׃

30 איך וועל וויטער ניט פיל מיט אייך רעדען. ווארין דער פירשט פון דיזער וועלט קומט, אונד ער האט גאר ניט אין מיר׃

31 אבער אז דיא וועלט זאל וויסען אז איך ליב דעם פאטער, אונד אזוי

וויא

וויא דער פָֿאטער הָאט מִיר גֶעבָּאטֶען,
אַזוי טְהוּא אִיךְ. שְׁטֵייט אויף, לָאזְט
אוּנְס פֿוּן דַאנֶען אַוֶועקְגֶעהְן:

קאפּיטעל טו

1 אִיךְ בִּין דֶער וָואהְרֶער ווַיינְשְׁטָאק,
אוּנְד מֵיין פָֿאטֶער אִיז דֶער גֶערְטנֶער:
2 אִיטְלִיכֶער צְוַויְיג אִין מִיר וָואס
טְרָאגְט נִיט קֵיינֶע פְֿרוּכְט, דֶעם נֶעמְט
עֶר אַוֶועק. אוּנְד אִיטְלִיכֶער צְוַויְיג וָואס
טְרָאגְט פְֿרוּכְט, דֶעם רֵיינִיגְט עֶר, כְּדֵי
עֶס זָאל מֶעהְר פְֿרוּכְט טְרָאגֶען:
3 אִיהְר זֵייט אַצוּנְד רֵיין דוּרְךְ דֶעם
וָוארְט וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט:
4 בְּלֵייבְּט אִין מִיר, אוּנְד אִיךְ אִין
אֵייךְ. אַזוי וויא דִיא צְוַויְיג קֶען קֵיינֶע
פְֿרוּכְט נִיט טְרָאגֶען פֿוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט,
אויסְגֶענוּמֶען אַז עֶס בְּלֵייבְּט אִין דֶעם
ווַיינְשְׁטָאק, אַזוי קֶענְט אִיהְר אויךְ נִיט,
אויסְגֶענוּמֶען אַז אִיהְר בְּלֵייבְּט אִין מִיר:
5 אִיךְ בִּין דֶער ווַיינְשְׁטָאק, אוּנְד
אִיהְר דִיא צְוַויְיגֶען. דֶער וָואס בְּלֵייבְּט
אִין מִיר אוּנְד אִיךְ אִין אִיהְם, דֶער
טְרָאגְט פִֿיל פְֿרוּכְט. וָוארִין אָהְן מִיר
קֶענְט אִיהְר גָאר נִיט טְהוּן:
6 וֶוער עֶס בְּלֵייבְּט נִיט אִין מִיר
וֶוערְט אַרויסְגֶעוָוארְפֶֿען אַזוי וויא אֵיין
צְוַויְיג, אוּנְד וֶוערְט פֶֿערְדַארְט. אוּנְד
מֶען נֶעמְט זֵייא צוּנוֹיף אוּנְד וַוארְפְֿט
זֵייא אִים פֵֿייעֶר אַרֵיין, אוּנְד זֵייא
וֶוערֶען פֶֿערְבְּרֶענְט:
7 וֶוען אִיהְר בְּלֵייבְּט אִין מִיר אוּנְד
מֵיינֶע רֵייד בְּלֵייבֶּען אִין אֵייךְ, אַזוי
וֶועט אִיהְר בֶּעטֶען וָואס אִיהְר ווִילְט,
אוּנְד עֶס וֶועט אֵייךְ גֶעשֶׁעהֶען:
8 אִין דִיזֶען אִיז מֵיין פָֿאטֶער פֶֿערְ־
הֶערְלִיכְט, אַז אִיהְר זָאלְט טְרָאגֶען פִֿיל
פְֿרוּכְט, אוּנְד אַזוי וֶועט אִיהְר זֵיין

מֵיינֶע תַּלְמִידִים:
9 אַזוי וויא דֶער פָֿאטֶער הָאט מִיךְ
גֶעלִיבְּט, אַזוי הָאבּ אִיךְ אֵייךְ גֶעלִיבְּט.
בְּלֵייבְּט אִין מֵיינֶע לִיבְּשַׁאפְֿט:
10 וֶוען אִיהְר וֶועט הַאלְטֶען מֵיינֶע
מִצְוֹת, וֶועט אִיהְר בְּלֵייבֶּען אִין מֵיינֶע
לִיבְּשַׁאפְֿט. אַזוי וויא אִיךְ הָאבּ גֶע־
הַאלְטֶען דִיא מִצְוֹת פֿוּן מֵיין פָֿאטֶער,
אוּנְד בְּלֵייבּ אִין זֵיינֶע לִיבְּשַׁאפְֿט:
11 דִיזֶעס הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט,
אַז מֵיינֶע פְֿרֵייד זָאל אִין אֵייךְ בְּלֵייבֶּען,
אוּנְד אַז אֵייעֶרֶע פְֿרֵייד זָאל דֶערְפִֿילְט
וֶוערֶען:
12 דָאס אִיז מֵיין גֶעבָּאט, אַז אִיהְר
זָאלְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען,
אַזוי וויא אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעלִיבְּט:
13 קֵיינֶער הָאט נִיט קֵיינֶע גְרֶעסֶערֶע
לִיבְּשַׁאפְֿט וויא דִיזֶע, אַז אֵיינֶער זָאל
זֵיין לֶעבֶּען אַנִידֶערְלֵייגֶען פַֿאר זֵיינֶע
פְֿרֵיינְד:
14 אִיהְר זֵייט מֵיינֶע פְֿרֵיינְד וֶוען אִיהְר
טְהוּט וָואס אִיךְ גֶעבִּיט אֵייךְ:
15 אִיךְ רוּף אֵייךְ נִיט מֶעהְר קְנֶעכְט,
וָוארִין דֶער קְנֶעכְט ווֵייסְט נִיט וָואס
זֵיין הַאר טְהוּט. נֵייעֶרְט אִיךְ הָאבּ אֵייךְ
גֶערוּפֶֿען פְֿרֵיינְד, וָוארִין אַלֶעס וָואס
אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פֿוּן מֵיין פָֿאטֶער,
הָאבּ אִיךְ אֵייךְ צוּ ווִיסֶען גֶעטְהוּן:
16 אִיהְר הָאט נִיט מִיךְ אויסְדֶערְווֵיילְט,
נֵייעֶרְט אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אויסְדֶערְווֵיילְט,
אוּנְד הָאבּ אֵייךְ גֶעזֶעצְט, אַז אִיהְר
זָאלְט גֵיין אוּנְד זָאלְט טְרָאגֶען פְֿרוּכְט,
אוּנְד אֵייעֶרֶע פְֿרוּכְט זָאל בְּלֵייבֶּען. אַז
וָואס אִיהְר וֶועט בֶּעטֶען דֶעם פָֿאטֶער
אִין מֵיין נָאמֶען, זָאל עֶר עֶס אֵייךְ
גֶעבֶּען:
17 דָאס גֶעבִּיט אִיךְ אֵייךְ, אַז אִיהְר

זאלט

זָאלְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען׃
18 וֶוען דִיא וֶועלְט הַאסְט אֵייךְ, אַזוֹי
ווייסְט אִיהְר אַז זִיא הָאט מִיךְ גֶעהַאסְט
פְרִיהֶר פוּן אֵייךְ׃
19 וֶוען אִיהְר זָאלְט זֵיין פוּן דֶער
וֶועלְט, אַזוֹי הֶעט דִיא וֶועלְט גֶעלִיבְּט
דָאס אִיהְרִיגֶע. אָבֶּער וַוייל אִיהְר זֵייט
נִיט פוּן דֶער וֶועלְט, נֵייעֶרְט אִיךְ הָאבּ
אֵייךְ אוֹיסְדֶערְוַוייְלְט פוּן דֶער וֶועלְט,
דַארוּם טְהוּט אֵייךְ דִיא וֶועלְט הַאסֶען׃
20 גֶעדֶענְקְט דָאס וָוארְט וָואס אִיךְ
הָאבּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, דֶער קְנֶעכְט אִיז
נִיט גְרֶעסֶער ווִיא זֵיין הַאר. וֶוען זֵייא
הָאבֶּען מִיךְ פֶערְפָאלְגְט, אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא
אֵייךְ אוֹיךְ פֶערְפָאלְגֶען. וֶוען זֵייא הָאבֶּען
גֶעהַאלְטֶען מֵיינֶע רֵייד, אַזוֹי וֶועלֶען
זֵייא אֵיירֶע אוֹיךְ הַאלְטֶען׃
21 אָבֶּער דָאס אַלֶעס וֶועלֶען זֵייא
אֵייךְ טְהוּן פוּן מֵיין נָאמֶענְס וֶועגֶען,
וַוייל זֵייא קֶענֶען נִיט דֶעם וָואס הָאט
מִיךְ גֶעשִׁיקְט׃
22 וֶוען אִיךְ הֶעט נִיט גֶעקוּמֶען אוּנְד
הֶעט צוּ זֵייא נִיט גֶערֶעט, אַזוֹי הֶעטֶען
זֵייא נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע זִינְד. אָבֶּער
אַצוּנְד הָאבֶּען זֵייא קֵיינֶע אוֹיסְרֵייד נִיט
פַאר זֵיירֶע זִינְד׃
23 וֶוער עֶס הַאסְט מִיךְ, דֶער הַאסְט
מֵיין פָאטֶער אוֹיךְ׃
24 וֶוען אִיךְ הֶעט נִיט צְווִישֶׁען זֵייא
גֶעטְהוּן דִיא מַעֲשִׂים וָואס קֵיין אַנְדֶערֶער
הָאט נִיט גֶעטְהוּן, הֶעטֶען זֵייא נִיט
גֶעהַאט קֵיינֶע זִינְד. אָבֶּער אַצוּנְד הָאבֶּען
זֵייא גֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעהַאסְט
מִיךְ אוּנְד מֵיין פָאטֶער׃
25 אָבֶּער דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען כְּדֵי דָאס
וָוארְט זָאל מְקוּיָים וֶוערֶען וָואס אִיז גֶע־
שְׁרִיבֶּען אִין זֵיירֶע תּוֹרָה, זֵייא הָאבֶּען
מִיךְ בְּחִנָם גֶעהַאסְט׃
26 אָבֶּער וֶוען דֶער טְרֵייסְטֶער וֶועט
קוּמֶען, וֶועלְכֶען אִיךְ וֶועל אֵייךְ שִׁיקֶען
פוּן דֶעם פָאטֶער, דֶעם גֵייסְט פוּן
וָואהְרְהֵייט, וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶעם
פָאטֶער, דֶער וֶועט עֵדוּת זָאגֶען אוֹיף
מִיר׃
27 אוּנְד אִיהְר וֶועט אוֹיךְ עֵדוּת זָאגֶען,
וָוארִין אִיהְר זֵייט מִיט מִיר גֶעוֶועזֶען פוּן
אָנְפַאנְג׃

## קאפיטעל טז

1 דָאס הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט,
אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט אָנְשְׁטוֹיסֶען׃
2 זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ אוֹיס דִיא שׁוּהְלֶען
אַרוֹיסְוַוארְפֶען. אוּנְד דִיא צֵייט קוּמְט,
אַז אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט אֵייךְ אוּמְ־
בְּרֶענְגֶען, וֶועט מֵיינֶען עֶר טְהוּט גָאט
אַיין דִינְסְט דֶערְמִיט׃
3 אוּנְד דָאס וֶועלֶען זֵייא אֵייךְ טְהוּן,
וַוייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט דֶעם
פָאטֶער אוּנְד מִיךְ אוֹיךְ נִיט׃
5 אָבֶּער דָאס הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶע־
זָאגְט, אַז וֶוען דִיא צֵייט וֶועט קוּמֶען,
אִיהְר זָאלְט דְרַאן גֶעדֶענְקֶען, אַז אִיךְ
הָאבּ עֶס אֵייךְ גֶעזָאגְט; אוּנְד אִיךְ
הָאבּ אֵייךְ דִיזֶעס נִיט גֶעזָאגְט פוּן אָנְ־
פַאנְג, וַוייל אִיךְ וַואר מִיט אֵייךְ׃
5 אָבֶּער אַצוּנְד גֵייא אִיךְ צוּ דֶעם
וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אוּנְד קֵיינֶער
פוּן אֵייךְ פְרֶעגְט מִיךְ נִיט, וְואוּ אַהִין
גֵייסְט דוּא׃
6 אָבֶּער וַוייל אִיךְ הָאבּ אֵייךְ דָאס
גֶעזָאגְט, אַזוֹי אִיז אֵייעֶר הַארְץ פוּל
מִיט צַעַר׃
7 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ דִיא וָואהְר־
הֵייט, עֶס אִיז גוּט פַאר אֵייךְ אַז אִיךְ
זָאל אַוֶועקְגֵיין. וָוארִין וֶוען אִיךְ גֵייא נִיט

אַװעק, אַזױ װעט דער טרייסטער צו אייך ניט קומען. אָבער װען איך גייא, װעל איך איהם צו אייך שיקען:

8 אונד װען ער װעט קומען, אַזױ װעט ער דיא װעלט שטראָפען װעגען זינד, אונד װעגען גערעכטיגקייט, אונד װעגען משפט:

9 װעגען זינד, װייל זייא האָבען ניט אָן מיר געגלױבט:

10 װעגען גערעכטיגקייט, װייל איך גייא צו מיין פאָטער, אונד איהר װעט מיך ניט מעהר זעהען:

11 אונד װעגען משפט, װייל דער פירשט פון דיזער װעלט װערט גע־ריכטעט:

12 איך האָב נאָך פילעס צו אייך צו זאָגען, אָבער איהר קענט עס אצונד ניט דערטראָגען:

13 אָבער װען דער גייסט פון װאָהר־הייט װעט קומען, װעט ער אייך פיהרען אין אַלער װאָהרהייט. װאָרין ער װעט ניט רעדען פון זיך זעלבסט, נייערט װאָס ער װעט הערען װעט ער רעדען, אונד ער װעט אייך זאָגען דאָס װאָס װעט אָנקומען:

14 ער װעט מיך פערהערליכען, װאָרין ער װעט גענומען פון דעם מיינעם אונד װעט עס אייך אָנזאָגען:

15 אַלעס װאָס דער פאָטער האָט איז מיין, דארום האָב איך געזאָגט אַז ער װעט גענומען פון דעם מיינעם אונד װעט עס אייך אָנזאָגען:

16 אין איינע קליינע װיילע אַזױ װעט איהר מיך ניט זעהען; אונד װידער אין איינע קליינע װיילע אונד איהר װעט מיך זעהען, װאָרין איך גייא צום פאָטער:

17 אַזױ האָבען עטליכע פון זיינע תלמידים צװישען זיך געזאָגט, װאָס איז דאָס װאָס ער זאָגט צו אונס. אין איינע קליינע װיילע אַזױ װעט איהר מיך ניט זעהען, אונד װידער אין איינע קליינע װיילע אונד איהר װעט מיך זעהען, אונד װאָרין איך גייא צום פאָטער:

18 אונד זייא האָבען געזאָגט, װאָס איז דאָס װאָס ער זאָגט, איינע קליינע װיילע? מיר װיסען ניט װאָס ער זאָגט:

19 אונד ישוע האָט געװואוסט אַז זייא האָבען איהם געװאָלט פרעגען, אונד ער האָט צו זייא געזאָגט, פרעגט איהר אייך אונטער איינאַנדער װעגען דיזען װאָס איך האָב געזאָגט, אין איינע קליינע װיילע אַזױ װעט איהר מיך ניט זעהען, אונד װידער אין איינע קליינע װיילע אונד איהר װעט מיך זעהען?

20 פאַרװאָהר, פאַרװאָהר זאָג איך אייך, אַז איהר װעט װיינען אונד קלאָגען, אָבער דיא װעלט װעט זיך פרייען. אונד איהר װעט טרױריג זיין, אָבער אייער טרױער װעט װערען צו פריידען:

21 װען איינע פרױא גייט צו קינד, אַזױ איז זיא טרױריג, װייל איהרע צייט איז געקומען. אָבער װען זיא האָט דאָס קינד געבױרען, אַזױ געדענקט זיא ניט מעהר איהר אַנגסט, פאַר פרייד דאָס איין מענש איז געבױרען אויף דער װעלט:

22 אַזױ האָט איהר אויך אַצונד צַער. אָבער איך װעל אייך װידער זעהען, אונד אייער הארץ װעט זיך פרייען, אונד קיינער װעט איירע פרייד פון אייך ניט גענומען:

23 אוּנְד אִין דִיזֶען טָאג װֶעט אִיהְר מִיךְ
גָאר נִיט פְרֶעגֶען פַארְוָואהְר, פַארְוָואהְר
זָאג אִיךְ אֵייךְ, וָואס אִיהְר וֶועט בֶּעטֶען
דֶעם פָּאטֶער אִין מֵיין נָאמֶען, וֶועט עֶר
אֵייךְ גֶעבֶּען:

24 בִּיז אַהֶער הָאט אִיהְר גָאר נִיט
גֶעבֶּעטֶען אִין מֵיין נָאמֶען. בֶּעטֶעט,
אוּנְד אִיהְר וֶועט עֶנְטפַאנְגֶען, אַז אֵייעֶרֶע
פְרֵייד זָאל גַאנְץ פוּל זֵיין:

25 דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶע־
זָאגְט אִין מְשָׁלִים; אָבֶּער דִיא צֵייט
קוּמְט וֶוען אִיךְ וֶועל נִיט מֶעהְר אִין
מְשָׁלִים מִיט אֵייךְ רֶעדֶען, נֵייעֶרְט אִיךְ
וֶועל אֵייךְ זָאגֶען עֶפֶענְטְלִיךְ פוּן מֵיין
פָּאטֶער:

26 אִין דִיזֶען טָאג וֶועט אִיהְר בֶּעטֶען
אִין מֵיין נָאמֶען. אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ
נִיט אַז אִיךְ וֶועל דֶעם פָּאטֶער בֶּעטֶען
וֶועגֶען אֵייךְ:

27 וָוארִין דֶער פָּאטֶער זֶעלְבּסט לִיבְּט
אֵייךְ, וַוייל אִיהְר הָאט מִיךְ גֶעלִיבְּט,
אוּנְד הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אַז אִיךְ בִּין פוּן
גָאט אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען:

28 אִיךְ בִּין אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם
פָּאטֶער, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אִין
דֶער וֶועלְט אַרֵיין. אוּנְד אִיךְ פֶערְלָאז
ווִידֶער דִיא וֶועלְט, אוּנְד גֵייא צוּם
פָּאטֶער:

29 אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, אַצוּנְד רֶעדְסט דוּא
עֶפֶענְטְלִיךְ, אוּנְד דוּא זָאגְסט גָאר נִיט
קֵיין מָשָׁל:

30 אַצוּנְד ווִיסֶען מִיר אַז דוּא ווֵייסְט
אַלֶעס, אוּנְד דוּא בֶּעדַארְפְסְט נִיט אַז
קֵיינֶער זָאל דִיךְ פְרֶעגֶען. דוּרְךְ דִיזֶען
גְלוֹיבֶּען מִיר אַז דוּא בִּיסְט פוּן גָאט
אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען:

31 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אַצוּנְד גְלוֹיבְּט אִיהְר:

32 זֶעהְט, דִיא שָׁעָה קוּמְט, אוּנְד אִיז
שׁוֹין גֶעקוּמֶען, אַז אִיהְר וֶועט צֶערְ־
שְׁפְּרֵייט וֶוערֶען אִיטְלִיכֶער צוּם זֵיינִיגֶען,
אוּנְד וֶועט מִיךְ אַלֵיין אִיבֶּערְלָאזֶען;
אָבֶּער אִיךְ בִּין נִיט אַלֵיין, וָוארִין דֶער
פָּאטֶער אִיז מִיט מִיר:

33 דִיזֶעס הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט,
אַז אִיהְר זָאלְט אִין מִיר שָׁלוֹם הָאבֶּען,
אִין דֶער וֶועלְט וֶועט אִיהְר הָאבֶּען
צָרוֹת. אָבֶּער זֵייט גֶעטְרֵייסְט, אִיךְ הָאבּ
דִיא וֶועלְט בֵּייגֶעקוּמֶען:

## קאפיטעל יז

1 דִיזֶעס הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, אוּנְד
הָאט זֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען קֶעגֶען
הִימֶעל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, פָּאטֶער,
דִיא שָׁעָה אִיז גֶעקוּמֶען; פֶערְהֶערְלִיךְ
דֵיין זוּהְן, אַז דֵיין זוּהְן זָאל דִיךְ אוֹיךְ
פֶערְהֶערְלִיכֶען:

2 אַזוֹי ווִיא דוּא הָאסְט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען
מַאכְט אִיבֶּער אַלֶע בֶּעשֶׁעפְּנִים, אַז עֶר
זָאל גֶעבֶּען דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען צוּ אַלֶע
וָואס דוּא הָאסְט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען:

3 אוּנְד דָאס אִיז דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען,
אַז זֵייא זָאלֶען דִיךְ קֶענֶען, דֶעם אֵיינְ־
צִיגֶען וָואהְרֶען גָאט, אוּנְד יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ
וֶועלְכֶען דוּא הָאסְט גֶעשִׁיקְט:

4 אִיךְ הָאבּ דִיךְ פֶערְהֶערְלִיכְט אוֹיף
דֶער עֶרְד. אִיךְ הָאבּ גֶעעֶנְדִיגְט דָאס
ווֶערְק וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען
צוּ טְהוּן:

5 אוּנְד אַצוּנְד פָּאטֶער, פֶערְהֶערְלִיךְ
דוּא מִיךְ דִיךְ זֶעלְבְּסְט, מִיט דֶער
הֶערְלִיכְקֵייט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט
בֵּייא דִיר, אֵיידֶער דִיא וֶועלְט וַואר
בֶּעשַׁאפֶען:

אִיךְ

6 אִיךְ הָאבּ דַיין נָאמֶען עֶנְטפְּלֶעקְט צוּ דִיא מֶענְשֶׁען וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען פוּן דֶער וֶועלְט. זֵייא וַוארֶען דַיין, אוּנְד דוּא הָאסְט זֵייא מִיר גֶעגֶעבֶּען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען דַיין וָוארְט׃

7 אַצוּנְד הָאבֶּען זֵייא גֶעווּאוּסְט, אַז אַלֶעס וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען אִיז פוּן דִיר׃

8 וָוארִין דִיא רֵייד וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, הָאבּ אִיךְ זֵייא גֶעגֶעבֶּען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס אָנְגֶענוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעווּאוּסְט פַארְוָואהְר אַז אִיךְ בִּין פוּן דִיר אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אַז דוּא הָאסט מִיךְ גֶעשִׁיקְט׃

9 אִיךְ בֶּעט פַאר זֵייא. אִיךְ בֶּעט נִיט פַאר דֶער וֶועלְט, נֵייעֶרְט פַאר דִיא וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען דַיין׃

10 אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז מֵיין אִיז דַיין, אוּנְד וָואס אִיז דַיין אִיז מֵיין. אוּנְד אִיךְ בִּין פֶערְהֶערְלִיכְט אִין זֵייא׃

11 אוּנְד אִיךְ בִּין נִיט מֶעהְר אִין דֶער וֶועלְט, אָבֶּער זֵייא זֶענֶען אִין דֶער וֶועלְט, אוּנְד אִיךְ קוּם צוּ דִיר. הֵיילִיגֶער פָּאטֶער, דֶערְהַאלְט אִין דַיין נָאמֶען דִיא וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, אַז זֵייא זָאלֶען זַיין אֵיינְס, גְרָאד אַזוֹי וְוִיא מִיר זֶענֶען׃

12 וֶוען אִיךְ וַואר מִיט זֵייא אִין דֶער וֶועלְט, הָאבּ אִיךְ זֵייא דֶערְהַאלְטֶען אִין דַיין נָאמֶען. דִיא וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, הָאבּ אִיךְ גֶעהִיט, אוּנְד קֵיינֶער פוּן זֵייא אִיז נִיט פֶערְלוֹירֶען, נֵייעֶרְט דֶער זוּהְן פוּן פֶערְדַארְבְּנִיס, כְּדֵי דִיא שְׁרִיפְט זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען׃

13 אָבֶּער אַצוּנְד קוּם אִיךְ צוּ דִיר, אוּנְד דָאס זָאג אִיךְ אִין דֶער וֶועלְט, אַז זֵייא זָאלֶען מֵיינֶע פְרֵייד אִין זִיךְ דֶערְפִילְט הָאבֶּען׃

14 אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען דַיין וָוארְט, אוּנְד דִיא וֶועלְט הָאט זֵייא גֶעהַאסְט, ווייל זֵייא זֶענֶען נִיט פוּן דֶער וֶועלְט אַזוֹי וְוִיא אִיךְ בִּין נִיט פוּן דֶער וֶועלְט׃

15 אִיךְ בֶּעט נִיט אַז דוּא זָאלְסט זֵייא פוּן דֶער וֶועלְט אַרוֹיסְנֶעמֶען, נֵייעֶרְט אַז דוּא זָאלְסט זֵייא הִיטֶען פוּן דֶעם בֵּייזֶען׃

16 זֵייא זֶענֶען נִיט פוּן דֶער וֶועלְט, אַזוֹי וְוִיא אִיךְ בִּין נִיט פוּן דֶער וֶועלְט׃

17 הֵיילִיג זֵייא דוּרְךְ דֵיינֶע וָואהְרְהֵייט, דַיין וָוארְט אִיז וָואהְרְהֵייט׃

18 אַזוֹי וְוִיא דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיין, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ זֵייא גֶעשִׁיקְט אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיין׃

19 אוּנְד פוּן זֵייעֶרְט וֶועגֶען טְהוּא אִיךְ מִיךְ הֵיילִיגֶען, אַז זֵייא זָאלֶען אוֹיךְ גֶעהֵיילִיגְט וֶוערֶען דוּרְךְ דֶער וָואהְרהֵייט׃

20 אוּנְד אִיךְ בֶּעט נִיט פַאר זֵייא אַלֵיין, נֵייעֶרְט אוֹיךְ פַאר דִיא וָואס וֶועלֶען אָן מִיר גְלוֹיבֶּען דוּרְךְ זֵייעֶר וָוארְט׃

21 אַז זֵייא זָאלֶען אַלֶע אֵיינְס זַיין, אַזוֹי וְוִיא דוּא, פָּאטֶער, בִּיסְט אִין מִיר, אוּנְד אִיךְ אִין דִיר, אַזוֹי זָאלֶען זֵייא אוֹיךְ זַיין אֵיינְס אִין אוּנְס; כְּדֵי דִיא וֶועלְט זָאל גְלוֹיבֶּען אַז דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט׃

22 אוּנְד דִיא הֶערְלִיכְקֵייט וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, הָאבּ אִיךְ זֵייא גֶעגֶעבֶּען. אַז זֵייא זָאלֶען זַיין אֵיינְס אַזוֹי וְוִיא מִיר זֶענֶען אֵיינְס׃

23 אִיךְ אִין זֵייא, אוּנְד דוּא אִין מִיר,

אַז זַייא זָאלֶען זַיין גאַנְץ אִין אֵיינֶעם,
אוּנְד אַז דִיא װעלְט זָאל װיסֶען אַז דוּא
הָאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאסְט זַייא
גֶעלִיבְּט אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט מִיךְ גֶע־
לִיבְּט׃
24 פָאטֶער, אִיךְ וִויל אַז דִיא וָואס
דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, זָאלֶען זַיין
מִיט מִיר וְואוּ אִיךְ בִּין, אַז זַייא זָאלֶען
זֶעהֶען מֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט וָואס דוּא
הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, וָוארִין דוּא הָאסְט
מִיךְ גֶעלִיבְּט אֵייחֶער דִיא וֶועלְט וַואר
גֶעגְרִינְדֶעט׃
25 גֶערֶעכְטֶער פָאטֶער, דִיא וֶועלְט
הָאט דִיךְ נִיט גֶעקֶענְט, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ
דִיךְ גֶעקֶענְט, אוּנְד דִיזֶע הָאבֶּען גֶע־
וְואוּסְט אַז דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט׃
26 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא דֵיין נָאמֶען
צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן, אוּנְד וֶועל זַייא צוּ
וִויסֶען טְהוּן; אַז דִיא לִיבְּשַׁאפְט מִיט
וֶועלְכֶער דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעלִיבְּט, זָאל
זַיין אִין זַייא, אוּנְד אִיךְ אִין זַייא׃

## קאפיטעל יח

1 וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אִיז
עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים
אִיבֶּער דֶעם טַייךְ קִדְרוֹן; אוּנְד דָארְט
וַואר אֵיין גָארְטֶען, אוּנְד עֶר אוּנְד
זַיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען דְרִינֶען אַרֵיינְ־
גֶעגַאנְגֶען׃
2 אוּנְד יְהוּדָה וָואס הָאט אִיהְם פֶערְ־
רָאטֶען, הָאט גֶעקֶענְט דֶעם אָרְט,
וָוארִין יֵשׁוּעַ אִיז זִיךְ דָארְט אָפְט צוּ־
זַאמֶען גֶעקוּמֶען מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים׃
3 אַזוֹי הָאט יְהוּדָה גֶענוּמֶען דֶעם בּוּנְט
פוּן זֶעלְנֶער אוּנְד דִיא מְשָׁרְתִים פוּן
דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים,
אוּנְד אִיז אַהִין גֶעקוּמֶען מִיט לָאמְפֶּען
אוּנְד פַאקֶעלְן, אוּנְד וַואפֶען׃
4 אוּנְד וַוייל יֵשׁוּעַ הָאט גֶעוְואוּסְט
אַלֶעס וָואס וֶועט אוֹיף אִיהְם קוּמֶען,
אַזוֹי אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶועמֶען זוּכְט אִיהְר?
5 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט, יֵשׁוּעַ הַנּוֹצְרִי. אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דָאס. אוּנְד
יְהוּדָה וָואס הָאט אִיהְם פֶערְרָאטֶען אִיז
אוֹיךְ מִיט זַייא גֶעשְׁטַאנֶען׃
6 אוּנְד וִויא עֶר הָאט צוּ זַייא גֶע־
זָאגְט, אִיךְ בִּין דָאס, אַזוֹי זֶענֶען זַייא
צוּרִיק גֶעווִיכֶען אוּנְד זֶענֶען צוּ דֶער
עֶרְד גֶעפַאלֶען׃
7 אַזוֹי הָאט עֶר זַייא וִוידֶער גֶעפְרֶעגְט,
וֶועמֶען זוּכְט אִיהְר? אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, יֵשׁוּעַ הַנּוֹצְרִי׃
8 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ הָאבּ
אֵייךְ גֶעזָאגְט, אַז אִיךְ בִּין דָאס. דְרוּם
וֶוען אִיהְר זוּכְט מִיךְ, אַזוֹי לָאזְט דִיזֶע
גֵייִן׃
9 כְּדֵי דָאס וָוארְט זָאל מְקוּיָים וֶוערֶען
וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיא וָואס דוּא
הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, הָאבּ אִיךְ קֵיינֶעם
פוּן זַייא נִיט פֶערְלוֹירֶען׃
10 אוּנְד שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס הָאט גֶעהַאט
אֵיין שְׁוֶוערְד, אוּנְד עֶר הָאט עֶס אַרוֹיסְ־
גֶעצוֹיגֶען, אוּנְד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם
קְנֶעכְט פוּן דֶעם כֹּהֵן גָּדוֹל, אוּנְד הָאט
אִיהְם דָאס רֶעכְטֶע אוֹיעֶר אָפְּגֶעהַאקְט.
אוּנְד דֶער קְנֶעכְט הָאט גֶעהֵייסֶען
מַלְכוּס׃
11 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ פֶּעטְרוּס,
שְׁטֶעק דֵיין שְׁוֶוערְד אַרֵיין אִין דֶער
שֵׁייד. זָאל אִיךְ נִיט טְרִינְקֶען דֶעם כּוֹס
וָואס מֵיין פָאטֶער הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען?
12 אוּנְד דֶער בּוּנְט, אוּנְד דֶער הוֹיפְּט־
מַאן, אוּנְד דִיא מְשָׁרְתִים פוּן דִיא יוּדֶען

הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם גֶעבּוּנְדֶען:
13 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם צוּם
עֶרְשְׁטֶען גֶעפִיהְרְט צוּ חָנָן. וָוארִין עֶר
וַואר דֶער שְׁוֶוער פוּן קַיָפָא, וָואס וַואר
כֹּהֵן גָדוֹל אִין דִיזֶען יָאהְר:
14 אוּנְד דָאס אִיז דֶער קַיָפָא וָואס
הָאט דִיא יוּדֶען גֶערָאטֶען, אַז עֶס אִיז
גוּט אַז אֵיין מֶענְשׁ זָאל אוּמְגֶעבְּרַאכְט
וֶוערֶען פַאר דֶעם פָאלְק:
15 אוּנְד שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס אוּנְד אֵיין
אַנְדֶערֶער תַּלְמִיד הָאבֶּען יֵשׁוּעַ נָאכְגֶע־
פָאלְגְט. אוּנְד דִיזֶער תַּלְמִיד וַואר בֶּע־
קַאנְט בֵּייא דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּנְד עֶר
אִיז מִיט יֵשׁוּעַ אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם
הוֹיף פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל:
16 אָבֶּער פֶּעטְרוּס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען
דְרוֹיסֶען פַאר דֶער טִיר; אַזוֹי אִיז דֶער
אַנְדֶערֶער תַּלְמִיד וָואס וַואר בֶּעקַאנְט
בֵּייא דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען,
אוּנְד הָאט גֶערֶעט מִיט דֶער טִיר־
הִיטֶערִין, אוּנְד הָאט פֶּעטְרוּס אַרֵיינְגֶע־
בְּרַאכְט:
17 אַזוֹי הָאט דָאס מֵיידֶעל וָואס הָאט
גֶעהִיט דִיא טִיר גֶעזָאגְט צוּ פֶּעטְרוּס,
בִּיסְט דוּא נִיט אוֹיךְ פוּן דִיא תַּלְמִידִים
פוּן דִיזֶען מַאן? אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זָאגְט, אִיךְ בִּין נִיט:
18 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט אוּנְד דִיא מְשָׁרְתִים
זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאבֶּען אֵיין
פֵייעֶר אָנְגֶעצֵיינְדְט, (וָוארִין עֶס וַואר
קַאלְט) אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעוַוארֶעמְט.
אוּנְד פֶּעטְרוּס אִיז מִיט זֵייא גֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעוַוארֶעמְט:
19 אוּנְד דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט יֵשׁוּעַ
גֶעפְרֶעגְט וֶועגֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּנְד
וֶועגֶען זֵיינֶע לֶערְנוּנְג:

20 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט, אִיךְ הָאבּ עָפֶענְטְלִיךְ גֶערֶעט
פַאר דֶער וֶועלְט. אִיךְ הָאבּ אִימֶער
גֶעלֶעהְרְט, אִין דֶער שׁוּל אוּנְד אִין דֶעם
בֵּית הַמִקְדָשׁ, וְואוּ דִיא יוּדֶען קוּמֶען
זִיךְ תָּמִיד צוּזַאמֶען, אוּנְד אִין פַארְבָּארְ־
גֶענֶעם הָאבּ אִיךְ גָאר נִיט גֶעזָאגְט:
21 וָואס פְרֶעגְסְט דוּא מִיךְ? פְרֶעג
דִיא וָואס הָאבֶּען מִיךְ גֶעהֶערְט, וָואס
אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא גֶעשְׁפְּרָאכֶען. זֵייא
ווִיסֶען וְואוּיל וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט:
22 אוּנְד וִויא עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט,
אַזוֹי הָאט אֵיינֶער פוּן דִיא מְשָׁרְתִים
וָואס אִיז דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען יֵשׁוּעַ
אוֹיף דֶעם פָּנִים גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד גֶע־
זָאגְט, עֶנְטְפֶערְסְט דוּא אַזוֹי דֶעם כֹּהֵן
גָדוֹל:
23 יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט,
וֶוען אִיךְ הָאבּ שְׁלֶעכְטֶעס גֶערֶעט, אַזוֹי
זָאג עֵדוּת אוֹיף דֶעם שְׁלֶעכְטֶען. אָבֶּער
וֶוען אִיךְ הָאבּ רֶעכְט גֶעשְׁפְּרָאכֶען,
וַוארוּם שְׁלָאגְסְט דוּא מִיךְ?
24 אוּנְד חָנָן הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט גֶע־
בּוּנְדֶען צוּ קַיָפָא דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל:
25 אוּנְד שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס אִיז גֶעשְׁטַא־
נֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעוַוארְמְט; אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא
נִיט אוֹיךְ אֵיינֶער פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים?
אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֵייקֶענְט אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין נִיט:
26 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא קְנֶעכְט פוּן
דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, וָואס וַואר אֵיין קָרוֹב
פוּן דֶעם וָואס פֶּעטְרוּס הָאט אִיהְם דָאס
אוֹיעֶר אָפְּגֶעהַאקְט, הָאט גֶעזָאגְט, הָאבּ
אִיךְ דִיךְ נִיט גֶעזֶעהֶען אִין דֶעם גָארְטֶען
מִיט אִיהְם?
27 אַזוֹי הָאט פֶּעטְרוּס ווִידֶער

גֶעלייקענט

גֶעלַייקֶענְט, אוּנְד אַזוֹי בַּאלְד הָאט דֶער
הָאן גֶעקְרֵייעֶט:
28 דֶערְנָאךְ הָאבֶּען זֵייא יֵשׁוּעַ גֶעפִירְט
פוּן קַיָפָא צוּם גֶערִיכְטְסְהוֹיף. אוּנְד עֶס
וַואר פְרִיה. אוּנְד זֵייא זֶעלְבְּסְט זֶענֶען
נִיט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם גֶערִיכְטְס־
הוֹיף, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט טָמֵא וֶוערֶען,
אוּנְד כְּדֵי זֵייא זָאלֶען קֶענֶען עֶסֶען דָאס
קָרְבָּן פֶּסַח:
29 אַזוֹי אִיז פִּילָטוֹס צוּ זֵייא אַרוֹיסְ־
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וָואס פַאר
אַיין פַארְקְלָאג בְּרֶענְגְט אִיהְר קֶעגֶען
דִיזֶען מֶענְשׁ?
30 זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען דִיזֶער
זָאל נִיט זַיין אַיין אִיבֶּעלְטֶעטֶער, אַזוֹי
הֶעטֶען מִיר אִיהְם נִיט צוּ דִיר אִיבֶּערְ־
גֶעגֶעבֶּען:
31 אַזוֹי הָאט פִּילָטוֹס צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט, נֶעמְט אִיהְר אִיהְם, אוּנְד רִיכְטֶעט
אִיהְם נָאךְ אֵייעֶר גֶעזֶעץ. אוּנְד דִיא
יוּדֶען הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר
טָארֶען קֵיינֶעם נִיט אוּמְבְּרֶענְגֶען:
32 כְּדֵי דָאס וָוארְט פוּן יֵשׁוּעַ זָאל
מְקוּיָם וֶוערֶען וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
וֶוען עֶר הָאט בֶּעצֵייגְט וָואס פַאר אַיין
טוֹיט עֶר וֶועט שְׁטַארְבֶּען:
33 אַזוֹי אִיז פִּילָטוֹס וִוידֶער אִין דֶעם
גֶערִיכְטְסְהוֹיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט
גֶערוּפֶען יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער מֶלֶךְ פוּן דִיא
יוּדֶען?
34 יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט,
טְהוּסְט דוּא דָאס פוּן דִיר זֶעלְבְּסְט
רֶעדֶען, אָדֶער הָאבֶּען עֶס דִיר אַנְדֶערֶע
פוּן מִיר גֶעזָאגְט?
35 אוּנְד פִּילָטוֹס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט,
בִּין אִיךְ דֶען אַיין יְהוּדִי? דַיין פָאלְק
אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים הָאבֶּען דִיךְ צוּ מִיר
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען. וָואס הָאסְט דוּא גֶעטְהוּן?
36 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, מֵיין קֶע־
נִיגְרַייךְ אִיז נִיט פוּן דִיזֶער וֶועלְט. וֶוען
מֵיין קֶענִיגְרַייךְ זָאלְט זַיין פוּן דִיזֶער
וֶועלְט, אַזוֹי הֶעטֶען מֵיינֶע דִינֶער גֶע־
פָאכְטֶען אַז אִיךְ זָאל נִיט אִיבֶּערְגֶע־
עֶנְטְפֶערְט וֶוערֶען צוּ דִיא יוּדֶען. אָבֶּער
אַצוּנְד אִיז מֵיין קֶענִיגְרַייךְ נִיט פוּן הִיר:
37 אַזוֹי הָאט פִּילָטוֹס צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶען אַיין קֶענִיג?
יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, דוּא זָאגְסְט אַז
אִיךְ בִּין אַיין קֶענִיג. אִיךְ בִּין פוּן
דֶעסְט וֶועגֶען גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד
צוּ דֶעם בִּין אִיךְ אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיינְ־
גֶעקוּמֶען, אַז אִיךְ זָאל מֵעִיד זַיין אוֹיף
דֶעם אֱמֶת. אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז פוּן
דֶער וָואהְרְהֵייט הֶערְט מֵיין קוֹל:
38 פִּילָטוֹס זָאגְט צוּ אִיהְם, וָואס אִיז
וָואהְרְהֵייט? אוּנְד וִויא עֶר הָאט דָאס
גֶעזָאגְט, אִיז עֶר וִוידֶער אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
צוּ דִיא יוּדֶען, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט, אִיךְ גֶעפִין גָאר קֵיינֶע שׁוּלְד נִיט
אִין אִיהְם:
39 אָבֶּער אִיהְר הָאט אַיין מִנְהָג אַז
אִיךְ זָאל אֵייךְ אֵיינֶעם לוֹיז לָאזֶען אוֹיף
פֶּסַח, ווילְט אִיהְר דֶען אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ
לוֹיז לָאזֶען דֶעם קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען?
40 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אַלֶע וִוידֶער גֶע־
שְׁרִיגֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, נִיט
דִיזֶען, נֵייעֶרְט בַּר־אַבָּא. אוּנְד בַּר־אַבָּא
וַואר אַיין רֵייבֶּער:

## קאפיטעל יט

1 אַזוֹי הָאט פִּילָטוֹס גֶענוּמֶען יֵשׁוּעַ,
אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעלָאזְט מִיט רִיטֶער
שְׁלָאגֶען:

2 אוּנְד דִיא זֶעלְנֶער הָאבֶּען גֶע־
פְלָאכְטֶען אֵיינֶע קְרוֹין פוּן דֶערְנֶער,
אוּנְד הָאבֶּען עֶס אִיהְם אוֹיף דֶעם קָאפּ
אוֹיפְגֶעזֶעצְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אָנְ־
גֶעטְהוּן אַיין קְלֵייד פוּן פּוּרְפּוּר:
3 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זֵייא
גֶעגְרִיסְט, דוּא קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען.
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אִיבֶּער דֶעם
פָּנִים גֶעשְׁלָאגֶען:
4 אוּנְד פִּילָטוּס אִיז ווִידֶער אַרוֹיסְגֶע־
קוּמֶען, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
זֶעהְט, אִיךְ ווֶעל אִיהְם צוּ אֵייךְ אַרוֹיסְ־
בְּרֶענְגֶען, אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען אַז
אִיךְ גֶעפִין גָאר קֵיינֶע שׁוּלְד נִיט אִין
אִיהְם:
5 אַזוֹי אִיז יֵשׁוּעַ אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, אוּנְד
הָאט גֶעטְרָאגֶען אֵיינֶע קְרוֹין פוּן דֶערְ־
נֶער אוּנְד אַיין קְלֵייד פוּן פּוּרְפּוּר, אוּנְד
פִּילָטוּס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֶעהְט
אָן דֶעם מֶענְשׁ!
9 אוּנְד ווֶען דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד
דִיא מְשָׁרְתִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען,
הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, קְרֵייצִיג אִיהְם! קְרֵייצִיג אִיהְם!
אוּנְד פִּילָטוּס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
גֶעמְט אִיהְר אִיהְם אוּנְד קְרֵייצִיגְט אִיהְם,
ווָארִין אִיךְ גֶעפִין קֵיינֶע שׁוּלְד נִיט אִין
אִיהְם:
7 אוּנְד דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
עֶנְטְפֶערְט, מִיר הָאבֶּען אַיין גֶעזֶעץ,
אוּנְד נָאךְ אוּנְזֶער גֶעזֶעץ קֶעהְר עֶר צוּ
שְׁטַארְבֶּען. ווָארִין עֶר הָאט זִיךְ גֶע־
מַאכְט צוּם זוּהְן פוּן גָאט:
8 אוּנְד ווֶען פִּילָטוּס הָאט דָאס גֶע־
הֶערְט, הָאט עֶר זִיךְ נָאךְ מֶעהְר גֶע־
פָארְכְטֶען:
9 אוּנְד עֶר אִיז ווִידֶער אִין דֶעם גֶע־
רִיכְטְסְהוֹיף אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט
צוּ יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, פוּן ווַאנֶען בִּיסְט
דוּא? אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם קֵיינֶע
אַנְטְווָארְט נִיט גֶעגֶעבֶּען:
10 אַזוֹי הָאט פִּילָטוּס צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, רֶעדְסְט דוּא נִיט מִיט מִיר?
ווֵייסְט דוּא נִיט אַז אִיךְ הָאבּ מַאכְט
דִיךְ צוּ קְרֵייצִיגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מַאכְט
דִיךְ לוֹיז צוּ לָאזֶען?
11 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, דוּא
הָאסְט גָאר קֵיינֶע מַאכְט נִיט אִיבֶּער
מִיר, אוֹיסְגֶענוּמֶען ווָאס אִיז דִיר גֶע־
גֶעבֶּען פוּן אוֹיבֶּען. דָארוּם דֶער ווָאס
הָאט מִיךְ צוּ דִיר אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט,
הָאט אֵיינֶע גְרֶעסֶערֶע זִינְד:
12 פוּן דֶענְסְטְמָאל אָן הָאט אִיהְם
פִּילָטוּס גֶעווָאלְט לוֹיז לָאזֶען, אָבֶּער דִיא
יוּדֶען הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, ווֶען דוּא ווֶעסְט דִיזֶען לוֹיז
לָאזֶען, אַזוֹי בִּיסְט דוּא נִיט קֵיין פְרֵיינְד
פוּן דֶעם קֵיסָר. ווֶער עֶס מַאכְט זִיךְ
פַאר אַיין קֶענִיג, דֶער אִיז קֶעגֶען דֶעם
קֵיסָר:
13 אוּנְד ווִיא פִּילָטוּס הָאט דִיזֶע רֵייד
גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר יֵשׁוּעַ אַרוֹיסְ־
גֶעפִירְט. אוּנְד הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט
אוֹיף דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּהְל, אוֹיף אַיין
אָרְט ווָאס הֵייסְט דֶער פְלַאסְטֶער, אוּנְד
אוֹיף הֶעבְּרֶעאִישׁ, גַבְּתָה:
14 אוּנְד עֶס ווַאר עֶרֶב פֶּסַח, קֶעגֶען
דֶער זֶעקְסְטֶער שָׁעָה. אוּנְד עֶר הָאט
צוּ דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט, זֶעהְט אָן אֵייעֶר
קֶענִיג!
15 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען,
אַוֶועק, אַוֶועק מִיט אִיהְם, קְרֵייצִיג
אִיהְם! אוּנְד פִּילָטוּס הָאט צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט, זָאל אִיךְ אֵייעֶר קֶענִיג קְרֵייצִיגֶען?

אוּנְד דִיא ראשֵׁי כּהֲנִים הָאבֶּען גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט, מִיר הָאבֶּען קֵיין אַנְדֶערְן קֶענִיג
נִיט נֵייעֶרְט דֶעם קֵיסָר׃
16 אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְם צוּ זֵייא אִיבֶּערְ־
גֶעלִיפֶערְט, אַז עֶר זָאל גֶעקְרֵייצִיגְט
װֶערֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶע־
נוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַװֶעקְגֶעפִירְט׃
17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְרָאגֶען זֵיין
קְרֵייץ אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ אֵיין
פְּלַאץ װָאס הֵייסְט דֶער אָרְט פוּן דֶעם
קָאפְּשַׁארְבֶּען, אָבֶּער אוֹיף הֶעבְּרֶעאִישׁ
גָלְגָתָא׃
18 דָארְטֶען הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶע־
קְרֵייצִיגְט, אוּנְד צְװֵייא אַנְדֶערֶע מִיט
אִיהְם, אֵיינֶעם פוּן יֶעדֶערֶע זֵייט, אוּנְד
יֵשׁוּעַ אִין דֶער מִיטֶען׃
19 אוּנְד פִּילָטוֹס הָאט אֵיינֶע אוֹיפְשְׁרִיפְט
גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּנְד הָאט עֶס אוֹיף דֶעם
קְרֵייץ גֶעזֶעצְט אוּנְד עֶס װַאר גֶעשְׁרִיבֶּען,
יֵשׁוּעַ הַנּוֹצְרִי, דֶער קֶענִיג פוּן דִיא
יוּדֶען׃
20 אַזוֹי הָאבֶּען פִילֶע פוּן דִיא יוּדֶען
דִיא אוֹיפְשְׁרִיפְט גֶעלֶעזֶען, װָארִין דֶער
פְּלַאץ װְאוּ יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקְרֵייצִיגְט גֶע־
װָארֶען װַאר נָאהֶנְט צוּ דֶער שְׁטָאט,
אוּנְד עֶס װַאר גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף הֶעבְּ־
רֶעאִישׁ, אוּנְד גְרִיכִישׁ, אוּנְד לַאטֵיינִישׁ׃
21 אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים פוּן דִיא
יוּדֶען הָאבֶּען צוּ פִּילָטוֹס גֶעזָאגְט, שְׁרֵייב
נִיט, דֶער קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען, נֵייעֶרְט
אַז עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער
קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען׃
22 אוּנְד פִּילָטוֹס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט,
װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיבֶּען דָאס הָאבּ
אִיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען׃
23 אוּנְד דִיא זֶעלְנֶער, װֶען זֵייא הָאבֶּען
יֵשׁוּעַ גֶעקְרֵייצִיגְט, הָאבֶּען גֶענוּמֶען זֵיינֶע
קְלֵיידֶער, אוּנְד הָאבֶּען דְרוֹיס גֶעמַאכְט
פִיר טֵיילֶען, אֵיין טֵייל צוּ אִיטְלִיכֶען
זֶעלְנֶער; אוּנְד אוֹיךְ זֵיין רָאק. אוּנְד
דֶער רָאק װַאר אָהְן אֵיין נָאט, גֶעװֶעבְּט
פוּן אוֹיבֶּען בִּיז דוּרְךְ אוֹיס׃
24 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אֵיינֶער צוּם אַנְ־
דֶערֶען גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר עֶס נִיט
צֶערְרֵייסֶען, נֵייעֶרְט מִיר װֶעלֶען דְרוֹיף
גוֹרָל װַארְפֶען װֶעמֶעס עֶס זָאל זֵיין.
כְּדֵי דִיא שְׁרִיפְט זָאל מְקוּיָם װֶערֶען
װָאס זָאגְט, זֵייא הָאבֶּען מֵיינֶע קְלֵיידֶער
צְװִישֶׁען זִיךְ צֶערְטֵיילְט, אוּנְד אוֹיף מֵיין
רָאק הָאבֶּען זֵייא גוֹרָל גֶעװָארְפֶען.
דָארוּם הָאבֶּען דִיא זֶעלְנֶער דִיזֶעס
גֶעטְהוּן׃
25 אוּנְד זֵיינֶע מוּטֶער אוּנְד זֵיינֶע
מוּטֶערְס שְׁװֶעסְטֶער, אוּנְד מִרְיָם דָאס
װֵייבּ פוּן קְלֶעאָפַּאס, אוּנְד מִרְיָם מַגְדַלֶנָה
זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיים קְרֵייץ פוּן
יֵשׁוּעַ׃
26 אוּנְד װֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען זֵיינֶע
מוּטֶער, אוּנְד דֶעם תַּלְמִיד װָאס עֶר
הָאט גֶעלִיבְּט, בֵּייא אִיהְם שְׁטֵיין, הָאט
עֶר צוּ זֵיינֶע מוּטֶער גֶעזָאגְט, זֶעה, דָאס
אִיז דֵיין זוּהְן!
27 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר צוּ דֶעם תַּלְמִיד
גֶעזָאגְט, זֶעה, דָאס אִיז דֵיינֶע מוּטֶער!
אוּנְד פוּן דִיזֶער שָׁעָה הָאט זִיא דֶער
תַּלְמִיד צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען׃
28 דֶערְנָאךְ װֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעװוּאוּסְט
אַז אַלֶעס אִיז שׁוֹין גֶעעֶנְדִיגְט, כְּדֵי דִיא
שְׁרִיפְט זָאל מְקוּיָם װֶערֶען, אַזוֹי הָאט
עֶר גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דָארְשְׁטִיג׃
29 אוּנְד דָארְטֶען אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אֵיין
פַאס פוּל מִיט עֶסִיג. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אָנְגֶעפִילְט אֵיין שְׁװַאם מִיט עֶסִיג, אוּנְד

הָאבֶּען עֶס אויפְגֶעזֶעצְט אויף אֵיין
שְׁטֶעקֶען, אוּנְד הָאבֶּען עֶס אִיהְם צוּם
מויל דֶערְלַאנְגְט :
30 אוּנְד װֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶענוּמֶען דֶעם
עֶסִיג, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גֶע־
עֶנְדִיגְט ; אוּנְד עֶר הָאט דֶעם קָאפּ
גֶענֵייגְט אוּנְד אִיז פֶערְגַאנְגֶען :
31 אוּנְד כְּדֵי דִיא לֵייבֶּער זָאלֶען נִיט
בְּלֵייבֶּען אַם שַׁבָּת אויף דֶעם קְרֵייץ,
װֵייל עֶס װַאר עֶרֶב פֶּסַח, (אוּנְד דָאס
װַאר שַׁבָּת הַגָדוֹל), אַזוֹי הָאבֶּען דִיא
יוּדֶען גֶעבֶּעטֶען פִּילָטוּס אַז זֵיירֶע שֶׁענְ־
קֶעל זָאלֶען צֶערְבְּרָאכֶען װֶערֶען, אוּנְד
אַז זֵייא זָאלֶען אַרוּפְּגֶענוּמֶען װֶערֶען :
32 אוּנְד דִיא זֶעלְנֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאבֶּען צֶערְבְּרָאכְען דִיא שֶׁענְקֶעל
פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען אוּנְד פוּן דֶעם אַנְ־
דְערֶען װָאס װַאר מִיט אִיהְם גֶע־
קְרֵייצִיגְט :
33 אוּנְד װֶען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ
יֵשׁוּעַ אוּנְד הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז עֶר
װַאר שוין טוֹיט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא
זֵיינֶע שֶׁענְקֶעל נִיט צֶערְבְּרָאכֶען :
34 אָבֶּער אֵיינֶער פוּן דִיא זֶעלְנֶער
הָאט אִיהְם גֶעשְׁטָאכֶען מִיט אֵיין
שְׁפִּיז, אוּנְד עֶס אִיז בַּאלְד אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען בְּלוּט אוּנְד װַאסֶער :
35 אוּנְד דֶער װָאס הָאט עֶס גֶעזֶעהֶען
הָאט בֶּעצֵייגְט, אוּנְד זֵיין צֵייגְנִיס אִיז
װָאהְר. אוּנְד עֶר װֵייסְט אַז עֶר זָאגְט
דִיא װָאהְרְהֵייט, דָאס אִיהְר זָאלְט
גְלוֹיבֶּען :
36 אוּנְד דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען כְּדֵי דִיא
שְׁרִיפְט זָאל מְקוּיָם װֶערֶען, קֵיין בֵּיין
זָאל אִיהְם נִיט צֶערְבְּרָאכֶען װֶערֶען :
37 אוּנְד װִידֶער אֵיינֶע אַנְדֶערֶע שְׁרִיפְט
זָאגְט, זֵייא װֶעלֶען זֶעהֶען אויף אִיהְם
װֶעלְכֶען זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁטָאכֶען :
38 נָאךְ דִיזֶען הָאט יוֹסֵף פוּן הָרָמָתַיִם
(װָאס װַאר אֵיין פֶערְבָּארְגֶענֶער תַּלְמִיד
פוּן יֵשׁוּעַ פַאר פוּרְכְט פַאר דִיא יוּדֶען),
גֶעבֶּעטֶען פִּילָטוּס, אַז עֶר זָאל מֶעגֶען
אַװֶעקְנֶעמֶען דֶעם לֵייבּ פוּן יֵשׁוּעַ. אוּנְד
פִּילָטוּס הָאט אִיהְם דֶערְלוֹיבְּט. אַזוֹי
אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט אַװֶעקְגֶע־
נוּמֶען דֶעם לֵייבּ פוּן יֵשׁוּעַ :
39 אוּנְד נִיקוֹדִימוּס װָאס אִיז צוּם
עֶרְשְׁטֶען גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ בֵּייא נַאכְט,
אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעבְּרַאכְט
מוֹר גֶעמִישְׁט מִיט אֲהָלוֹת אַן עֶרֶךְ פוּן
הוּנְדֶערְט פוּנְט :
40 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶענוּמֶען דֶעם
לֵייבּ פוּן יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאבֶּען עֶס אֵיינְ־
גֶעװִיקֶעלְט אִין אֵיין לֵיילֶעךְ מִיט דִיא
בְּשָׂמִים, אַזוֹי װִיא עֶס װַאר דֶער מִנְהָג
בֵּייא דֶער קְבוּרָה פוּן דִיא יוּדֶען :
41 אוּנְד דָא װַאר אֵיין גָארְטֶען אִין
דֶעם אָרְט װוּ עֶר װַאר גֶעקְרֵייצִיגְט,
אוּנְד אִין דֶעם גָארְטֶען װַאר אֵיין נֵייעֶס
קֶבֶר, אִין װֶעלְכֶען קֵיינֶער אִיז נָאךְ נִיט
גֶעלֶעגֶען :
42 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא יֵשׁוּעַ דָארְטֶען
גֶעלֵייגְט, װֵייל עֶס װַאר עֶרֶב פֶּסַח בֵּייא
דִיא יוּדֶען, אוּנְד דָאס קֶבֶר װַאר
נָאהְנְט :

קאפיטעל כ

1 אוּנְד אָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן
דֶער װָאךְ אִיז מִרְיָם מַגְדַלֶנָה גֶעקוּמֶען
צוּם קֶבֶר אִין דֶער פְרִיה, װֶען עֶס װַאר
נָאךְ פִינְסְטֶער, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען אַז
דֶער שְׁטֵיין װַאר אַװֶעקְגֶענוּמֶען פוּן דֶעם
קֶבֶר :
2 אַזוֹי אִיז זִיא גֶעלָאפֶען אוּנְד אִיז
גֶעקוּמֶען צוּ שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס אוּנְד צוּם

אנדערען

אַנְדֶערֶען תַּלְמִיד, װָעלְכֶען יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעלִיבְּט, אוּנְד זִיא הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
זֵייא הָאבֶּען דֶעם הַאר אַװֶעקְגֶענוּמֶען
פוּן דֶעם קֶבֶר, אוּנְד מִיר װִיסֶען נִיט
װְאוּ זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעלֵייגְט:
3 אוּנְד פֶּעטְרוּס אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער
תַּלְמִיד זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּם קֶבֶר:
4 אוּנְד זֵייא זֶענֶען בֵּיידֶע צוּזַאמֶען
גֶעלָאפֶען, אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער תַּלְמִיד
אִיז פְּרִיהֶר אַהִינְגֶעלָאפֶען, גֶעשְׁװִינְדֶער
װִיא פֶּעטְרוּס, אוּנְד אִיז צוּעֶרְשְׁט גֶע־
קוּמֶען צוּ דֶעם קֶבֶר:
5 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַרוּפְּגֶעבּוֹיגֶען
אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא תַּכְרִיכִים לִיגֶען;
אָבֶּער עֶר אִיז נִיט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען:
6 אַזוֹי אִיז אִיהְם שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס
אוֹיךְ גֶעקוּמֶען נָאכְצוּגֵיין, אוּנְד אִיז אִין
דֶעם קֶבֶר אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען; אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא תַּכְרִיכִים לִיגֶען:
7 אוּנְד דָאס טוּךְ װָאס װַאר אוֹיף
זֵיין קָאפּ אִיז נִיט גֶעװֶעזֶען מִיט דִיא
תַּכְרִיכִים, נֵייעֶרְט אוֹיף אֵיין אָרְט בֵּייא
דֶער זֵייט אֵיינְגֶעװִיקֶעלְט:
8 אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֶער אַנְדֶערֶער
תַּלְמִיד אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, װָאס אִיז צוּם
עֶרְשְׁטֶען גֶעקוּמֶען צוּם קֶבֶר, אוּנְד הָאט
עֶס גֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט עֶס גֶעגְלוֹיבְּט:
9 װָארִין זֵייא הָאבֶּען נָאךְ נִיט גֶע־
װְאוּסְט דִיא שְׁרִיפְט, אַז עֶר מוּז פוּן
דֶעם טוֹיט אוֹיפְשְׁטֵיין:
10 אַזוֹי זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים װִידֶער
אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען:
11 אוּנְד מִרְיָם אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא
דֶעם קֶבֶר פוּן דְרוֹיסֶען, אוּנְד הָאט
גֶעװֵיינְט. אוּנְד װִיא זִיא הָאט גֶעװֵיינְט
הָאט זִיא זִיךְ אַרוּפְּגֶעבּוֹיגֶען צוּם קֶבֶר:

12 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען צְװֵייא
מַלְאָכִים זִיצֶען אִין װֵייסֶען, אֵיינֶער צוּ־
קָאפֶּען'ס אוּנְד אֵיינֶער צוּפִיסֶען, אִין
דֶעם אָרְט װְאוּ דֶער לֵייבּ פוּן יֵשׁוּעַ אִיז
גֶעלֶעגֶען:
13 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְר גֶע־
זָאגְט, פְּרוֹיא, װָארוּם װֵיינְסְט דוּא?
אוּנְד זִיא הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט װֵייל
זֵייא הָאבֶּען אַװֶעקְגֶענוּמֶען מֵיין הַאר,
אִיךְ װֵייס נִיט װְאוּ זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעלֵייגְט:
14 אוּנְד װֶען זִיא הָאט דָאס גֶעזָאגְט,
הָאט זִיא זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט, אוּנְד הָאט
גֶעזֶעהֶען יֵשׁוּעַ שְׁטֵיין, אָבֶּער זִיא הָאט
נִיט גֶעװְאוּסְט אַז דָאס אִיז יֵשׁוּעַ:
15 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
פְרוֹיא, װָארוּם װֵיינְסְט דוּא? װֶעמֶען
זוּכְסְט דוּא? אוּנְד זִיא הָאט גֶעמֵיינְט
אַז דָאס אִיז דֶער שׁוֹמֵר פוּן דֶעם
גָארְטֶען, אַזוֹי הָאט זִיא צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, הַאר, װֶען דוּא הָאסְט אִיהְם
אַװֶעקְגֶעטְרָאגֶען, זָאג מִיר װְאוּ דוּא
הָאסְט אִיהְם גֶעלֵייגְט, אַזוֹי װֶעל אִיךְ
אִיהְם אַװֶעקְנֶעמֶען:
16 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
מִרְיָם! אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט
אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבּוֹנִי,
װָאס הֵייסְט לֶעהְרֶער:
17 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
רִיהְר מִיךְ נִיט אָן. װָארִין אִיךְ בִּין נָאךְ
נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ מֵיין פָאטֶער.
אָבֶּער גֵייא צוּ מֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד
זָאג זֵייא, אִיךְ גֵייא אַרוֹיף צוּ מֵיין
פָאטֶער אוּנְד צוּ אֵייעֶר פָאטֶער, צוּ
מֵיין גָאט אוּנְד צוּ אֵייעֶר גָאט:
18 אַזוֹי אִיז מִרְיָם מַגְדַלֶנָה גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאט דִיא תַּלְמִידִים דֶערְצֵיילְט אַז

זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם הַאר, אוּנְד אַז עֶר הָאט דָאס צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט:

19 אוּנְד אוֹיף דֶעם אָבֶענְד פוּן דֶעם זֶעלְבִּיגֶען טָאג, דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אִין דֶער וָואךְ, וֶוען דִיא טִיהְרֶען וַוארֶען פֶערְשְׁלָאסֶען וְואוּ דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען זִיךְ צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען פַאר פוּרְכְט פַאר דִיא יוּדֶען, אַזוֹי אִיז יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען אוּנְד אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער מִיטֶען, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט. שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם!

20 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר זֵייא גֶעווִיזֶען זֵיינֶע הֶענְד אוּנְד זֵיינֶע זֵייט. אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְרֵייט וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם הַאר:

21 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ וִוידֶער צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם! אַזוֹי וִויא דֶער פָאטֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אַזוֹי שִׁיק אִיךְ אֵייךְ:

22 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיף זֵייא גֶעבְּלָאזֶען, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, עֶנְטְפַאנְגְט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:

23 וֶועמֶען אִיהְר וֶועט דִיא זִינְדֶען פֶערְגֶעבֶּען, אַזוֹי אִיז עֶס זֵייא פֶערְגֶעבֶּען. אוּנְד וֶועמֶעס זִינְדֶען אִיהְר וֶועט בֶּעהַאלְטֶען, זֶענֶען זֵייא בֶּעהַאלְטֶען:

24 אָבֶּער תּוֹמָא, אֵיינֶער פוּן דִיא צְוֶועלְף, וָואס וַואר גֶערוּפֶען דִידוּמוּס, וַואר נִיט מִיט זֵייא וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען:

25 אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם הַאר. אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ וֶועל נִיט זֶעהֶען דֶעם צֵייכֶען פוּן דִיא נֶענֶעל אִין זֵיינֶע הֶענְד, אוּנְד וֶועל מֵיין פִינְגֶער אַרֵיינְטְהוּן אִין דֶעם צֵייכֶען פוּן דִיא נֶענֶעל, אוּנְד וֶועל מֵיינֶע הַאנְד אַרֵיינְשְׁטֶעקֶען אִין זֵיינֶע זֵייט, אַזוֹי וֶועל אִיךְ נִיט גְלוֹיבֶּען:

26 אוּנְד נָאךְ אִין אַכְט טֶעג זֶענֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים וִוידֶער דְרִינֶען גֶעוֶועזֶען, אוּנְד תּוֹמָא מִיט זֵייא. אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען וֶוען דִיא טִיהְרֶען וַוארֶען פֶערְשְׁלָאסֶען, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער מִיטֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם!

27 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ תּוֹמָא, גְרֵייךְ אַהֶער דֵיין פִינְגֶער אוּנְד זֶעה מֵיינֶע הֶענְד. אוּנְד גְרֵייךְ אַהֶער דֵיינֶע הַאנְד אוּנְד שְׁטֶעק זִיא אַרֵיין אִין מֵיינֶע זֵייט. אוּנְד זֵייא נִיט אוּנְגְלוֹיבִּיג, נֵייעֶרְט גְלוֹיבִּיג:

28 אוּנְד תּוֹמָא הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מֵיין הַאר אוּנְד מֵיין גָאט!

29 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, תּוֹמָא, וֵוייל דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעזֶעהֶען הָאסְט דוּא גֶעגְלוֹיבְּט. וְואוֹיל דִיא וְואס הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאבֶּען דָאךְ גֶעגְלוֹיבְּט:

30 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט נָאךְ פִילֶע אַנְדֶערֶע צֵייכֶען גֶעטְהוּן פַאר זֵיינֶע תַּלְמִדִים, וָואס זֶענֶען נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיזֶען בּוּךְ:

31 אָבֶּער דִיזֶע זֶענֶען גֶעשְׁרִיבֶּען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט גְלוֹיבֶּען אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער מָשִׁיחַ, דֶער זוּהְן פוּן גָאט, אוּנְד אַז דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען זָאלְט אִיהְר הָאבֶּען לֶעבֶּען אִין זֵיין נָאמֶען:

קאפיטעל כא

1 נָאךְ דִיזֶען הָאט זִיךְ יֵשׁוּעַ וִוידֶער בֶּעווִיזֶען צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים בֵּיים יַם

פון

פוּן טְבַרְיָה, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹי
בֶּעווִיזֶען:
2 עֶס וַוארֶען צוּזַאמֶען שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס,
אוּנְד תּוֹמָא וָואס וַואר גֶערוּפֶען דִידוּמוּס,
אוּנְד נְתַנְאֵל פוּן קָנָא אִין גָלִיל, אוּנְד
דִיא זִיהְן פוּן זַבְדִי, אוּנְד צְווייא אַנְדֶערֶע
פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים:
3 אוּנְד שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, אִיךְ גֵייא פִישׁ חַאפֶּען. אוּנְד
זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר
וָועלֶען אוֹיךְ מִיט דִיר גֵיין. אַזוֹי זֶענֶען
זַייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען בַּאלְד
אִין אַיין שִׁיף אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִין
דִיזֶער נַאכְט הָאבֶּען זַייא גָאר נִיט
גֶעחַאפְּט:
4 אוּנְד וָוען עֶס וַואר שׁוֹין טָאג, אַזוֹי
אִיז יֵשׁוּעַ גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיים בָּארְטֶען,
אָבֶּער דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען נִיט גֶע־
ווְאוּסְט אַז דָאס אִיז יֵשׁוּעַ:
5 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
קִינְדֶער, הָאט אִיהְר נִיט עֶפֶּעס צוּ עֶסֶען.
אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט,
גֵיין:
6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
וַוארְפְט דָאס גֶעץ צוּ דֶער רֶעכְטֶער
זַייט פוּן דֶעם שִׁיף, אַזוֹי וֶועט אִיהְר
גֶעפִינֶען. אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעוָוארְפֶען,
אוּנְד הָאבֶּען עֶס נִיט מֶעהְר גֶעקֶענְט
אַרוֹיסְצִיהֶען וֶועגֶען דִיא פִיל פִישׁ:
7 אוּנְד דֶער תַּלְמִיד וֶועלְכֶען יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעלִיבְּט הָאט צוּ פֶּעטְרוּס גֶע־
זָאגְט, דָאס אִיז דֶער הַאר, אוּנְד וִויא
שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס הָאט גֶעהֶערְט אַז דָאס
אִיז דֶער הַאר, הָאט עֶר זִיךְ אַרוּמְגֶע־
גַארְטֶעלְט מִיט זַיין פִישֶׁערְמַאנְטֶעל,
(וָוארִין עֶר וַואר נַאקֶעט) אוּנְד הָאט
זִיךְ אִין דֶעם יַם אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען:
8 אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען
גֶעקוּמֶען אִין אַיין שִׁיף, (וָוארִין זַייא
זֶענֶען נִיט ווַייט גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם
לַאנְד, נֵייעֶרְט אַן עֶרֶךְ פוּן צְווייא
הוּנְדֶערְט אֵיילֶען), אוּנְד הָאבֶּען אַרוֹיסְ־
גֶעצוֹיגֶען דָאס גֶעץ מִיט פִישׁ:
9 אוּנְד וִויא זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּם
לַאנְד, הָאבֶּען זַייא גֶעזֶעהֶען לִיגֶען אַיין
פַייעֶר פוּן קוֹילֶען אוּנְד פִישׁ דְרוֹיף,
אוּנְד בְּרוֹיט:
10 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
בְּרֶענְגְט אַהֶער פוּן דִיא פִישׁ וָואס אִיהְר
הָאט אַצוּנְד גֶעחַאפְּט:
11 אוּנְד שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס אִיז אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶעצוֹיגֶען דָאס
גֶעץ צוּם לַאנְד, פוּל מִיט הוּנְדֶערְט
אוּנְד דְרַייא אוּנְד פִינְפְצִיג גְרוֹיסֶע פִישׁ,
אוּנְד חָאטְשֶׁע עֶס וַוארֶען אַזוֹי פִיל,
אִיז דָאס גֶעץ דָאךְ נִיט צֶערְרִיסֶען גֶע־
וָוארֶען:
12 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
קוּמְט אוּנְד עֶסְט דִיא מָאהְלְצַייט אוּנְד
קֵיינֶער פוּן דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען זִיךְ
נִיט גֶעוָואגְט אִיהְם צוּ פְרֶעגֶען, וֶוער
בִּיסְט דוּא? וַוייל זַייא הָאבֶּען גֶעווְאוּסְט
אַז דָאס אִיז דֶער הַאר:
13 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד
הָאט גֶענוּמֶען דָאס בְּרוֹיט אוּנְד הָאט
זַייא גֶעגֶעגֶעבֶּען, אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דִיא
פִישׁ:
14 דָאס אִיז שׁוֹין דָאס דְרִיטֶע מָאל
דָאס יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ זַיינֶע
תַּלְמִידִים, נָאךְ דֶעם וִויא עֶר אִיז פוּן
דֶעם טוֹיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען:
15 אוּנְד וָוען זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען
הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס,
שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹנָה, לִיבְּסְט דוּא מִיךְ מֶעהְר

וְויא דִיזֶע? אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, יוא, הַאר. דוּא ווֵייסְט אַז אִיךְ
לִיבּ דִיךְ. אַזוֹי הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, ווֵייד מֵיינֶע לֶעמֶעלֶעךְ:

16 אוּנְד עֶר הָאט ווִידֶער דָאס צְווֵייטֶע
מָאל צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט: שִׁמְעוֹן בַּר יוֹנָה,
לִיבְּסט דוּא מִיךְ? אוּנְד עֶר הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגט, יוא, הַאר, דוּא ווֵייסְט
אַז אִיךְ לִיבּ דִיךְ. אַזוֹי הָאט עֶר צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, ווֵייד מֵיינֶע שָׁאף:

17 אוּנְד עֶר הָאט דָאס דְרִיטֶע מָאל
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹנָה,
לִיבְּסט דוּא מִיךְ? אוּנְד פֶּעטְרוּס וַואר
טְרוֹירִיג ווֵייל עֶר הָאט צוּ אִיהְם דָאס
דְרִיטֶע מָאל גֶעזָאגְט, לִיבְּסט דוּא מִיךְ?
אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר,
דוּא ווֵייסְט אַלֶעס. דוּא ווֵייסְט אַז אִיךְ
לִיבּ דִיךְ; אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, ווֵייד מֵיינֶע שָׁאף:

18 פַארְוָואהְר, פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ דִיר,
ווֶען דוּא בִּיסְט יוּנְגֶער גֶעוועזֶען, אַזוֹי
הָאסְט דוּא דִיךְ אַרוּמְגֶעגַארְטֶעלְט אוּנְד
בִּיסְט אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען וְואוּ דוּא הָאסְט
גֶעוָואלְט. אָבֶּער ווֶען דוּא ווֶעסְט אַלְט
ווערֶען, אַזוֹי ווֶעסְט דוּא דֵיינֶע הֶענְד
אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער
ווֶעט דִיךְ גַארְטְלֶען אוּנְד ווֶעט דִיךְ
טְרָאגֶען וְואוּ אַהִין דוּא ווִילְסְט נִיט:

19 אוּנְד דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ
בֶּעדֵייטֶען מִיט וָואס פַאר אֵיין טוֹיט עֶר
ווֶעט גָאט פֶּערְהֶערְלִיכֶען. אוּנְד ווֶען
עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, פָאלְג מִיר נָאךְ:

20 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט זִיךְ אוּמְגֶע־
קֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם תַּלְמִיד
נָאכְפָאלְגֶען, וֶועלְכֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶע־
לִיבְּט, אוּנְד וָואס אִיז אוֹיךְ אָנְגֶעלֶעהְנְט
גֶעוֶועזֶען אוֹיף זֵיינֶע בְּרוּסְט בֵּייא דֶעם
אָבֶּענְדְמָאהְל אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר,
וֶועלְכֶער אִיז דָאס וָואס טְהוּט דִיךְ
פֶערְרָאטֶען:

21 ווֶען פֶּעטְרוּס הָאט דִיזֶען גֶעזֶעהֶען
הָאט עֶר צוּ יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, הַאר, וָואס
זָאל מַאן דִיזֶער טְהוּן?

22 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
ווֶען אִיךְ ווִיל אַז עֶר זָאל בְּלֵייבֶּען בִּיז
אִיךְ קוּם, וָואס הָאט דָאס צוּ דִיר?
פָאלְג דוּא מִיר נָאךְ:

23 אַזוֹי אִיז דִיזֶע רֵייד אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
צְווִישֶׁען דִיא בְּרִידֶער, אַז דִיזֶער תַּלְמִיד
ווֶעט נִיט שְׁטַארְבֶּען. אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט
צוּ אִיהְם נִיט גֶעזָאגְט, אַז עֶר ווֶעט
נִיט שְׁטַארְבֶּען, נֵייעֶרְט, ווֶען אִיךְ ווִיל
אַז עֶר זָאל בְּלֵייבֶּען בִּיז אִיךְ קוּם, וָואס
הָאט דָאס צוּ דִיר:

24 דָאס אִיז דֶער תַּלְמִיד וָואס זָאגְט
עֵדוּת אוֹיף דִיזֶע זַאכֶען, אוּנְד הָאט
דִיזֶעס גֶעשְׁרִיבֶּען. אוּנְד מִיר ווִיסֶען אַז
זֵיין עֵדוּת אִיז וָואהְר:

25 אוּנְד דָא זֶענֶען נָאךְ פִילֶע אַנְדֶערֶע
זַאכֶען וָואס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעטְהוּן, וָואס
ווֶען אִיטְלִיכֶעס בֶּעזוּנְדֶער זָאל גֶעשְׁרִיבֶּען
זֵיין, אַזוֹי דֶענְק אִיךְ אַז דִיא ווֶעלְט
ווֶעט נִיט קֶענֶען דֶערְהַאלְטֶען דִיא
בִּיכֶער וָואס ווֶעלֶען גֶעשְׁרִיבֶּען ווֶערֶען.
אָמֵן:



# דִיא *אַפָּאסְטֶעלְגֶעשִׁיכְטֶע.

1 אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען בּוּךְ הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁפְּרָאכֶען, לִיבֶּער טֶעאָפִילוּס, פוּן אַלֶעם וָואס יֵשׁוּעַ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טְהוּן אוּנְד צוּ לֶעהְרֶען:

2 בִּיז צוּם טָאג וֶוען עֶר וַואר אַרוֹיפְּגֶענוּמֶען, נָאכְדֶעם וֶוען עֶר הָאט דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אֵיין בֶּעפֶעל גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְט:

3 צוּ וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ פָּארְגֶעשְׁטֶעלְט לֶעבֶּעדִיג נָאךְ זֵיין לֵיידֶען, דוּרְךְ פִּילֶע צֵייכֶען, וֶוען עֶר הָאט זִיךְ צוּ זֵייא בֶּעוִויזֶען פִירְצִיג טָאג לַאנְג, אוּנְד הָאט גֶעשְׁפְּרָאכֶען פוּן דִיא זַאכֶען וָואס גֶעהֶערֶען צוּם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט:

4 אוּנְד וֶוען זֵייא וַוארֶען פֶערְזַאמֶעלְט, הָאט עֶר זֵייא אָנְגֶעזָאגְט זֵייא זָאלֶען נִיט אַוֶועקְגֵיין פוּן יְרוּשָׁלַיִם, נֵייעֶרְט זֵייא זָאלֶען וַוארְטֶען אוֹיף דֶער הַבְטָחָה פוּן דֶעם פָאטֶער, וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט פוּן מִיר:

5 וָוארִין יוֹחָנָן הָאט גֶעטוֹיפְט מִיט וַואסֶער, אָבֶּער אִיהְר וֶועט גֶעטוֹיפְט וֶוערֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג:

6 דְרוּם וֶוען זֵייא זֶענֶען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, הַאר, וֶועסְט דוּא אִין דִיזֶער צֵייט צוּרִיקְשְׁטֶעלֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן יִשְׂרָאֵל?

7 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, עֶס קוּמְט נִיט צוּ אֵייךְ אִיהְר זָאלְט וִויסֶען דִיא צֵייטֶען אָדֶער דִיא זְמַנִּים וֶועלְכֶע דֶער פָאטֶער הָאט בֶּעהַאלְטֶען אִין זֵיין אֵייגֶענֶער מַאכְט:

8 אָבֶּער אִיהְר וֶועט עֶנְטְפַאנְגֶען קְרַאפְט וֶוען דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וֶועט אוֹיף אֵייךְ קוּמֶען; אוּנְד אִיהְר וֶועט זֵיין עֵדוּת צוּ מִיר אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד אִין גַאנְץ יְהוּדָה אוּנְד אִין שׁוֹמְרוֹן, אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם עֶק וֶועלְט:

9 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, וַואר עֶר אַרוֹיפְגֶענוּמֶען פַאר זֵיירֶע אוֹיגֶען, אוּנְד אֵיין וָואלְקֶען הָאט אִיהְם פַאר זֵייעֶר פָּנִים אַוֶועקְגֶענוּמֶען:

10 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעקוּקְט צוּם הִימֶעל וִויא עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי זֶענֶען צְוֵוייא מֶענְשֶׁען בֵּייא זֵייא גֶעשְׁטַאנֶען אִין וַוייסֶע קְלֵיידֶער:

11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיהְר לֵייט פוּן גָלִיל, וָואס שְׁטֵייט אִיהְר אוּנְד קוּקְט צוּם הִימֶעל? דִיזֶער יֵשׁוּעַ וָואס וַואר פוּן אֵייךְ אַרוֹיפְגֶענוּמֶען אִין הִימֶעל אַרֵיין, וֶועט אַזוֹי קוּמֶען וִויא אִיהְר הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען גֵיין אִין הִימֶעל אַרֵיין:

12 דֶערְנָאךְ הָאבֶּען זֵייא זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם פוּן דֶעם בַּארְג וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען דֶער הַר הַזֵּיתִים, וָואס אִיז אֵיין תְּחוּם שַׁבָּת פוּן יְרוּשָׁלַיִם:

13 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, זֶענֶען זֵייא אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין אֵיינֶע אוֹיבֶּערְשְׁטוּבּ, וְואוּ עֶס הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען פֶּעטְרוּס אוּנְד יַעֲקֹב, אוּנְד יוֹחָנָן אוּנְד אַנְדְרַי, פִילִיפּוּס אוּנְד תּוֹמָא, בַּר תַּלְמַי אוּנְד מַתְיָא, יַעֲקֹב

* אפאסטעל הייסט שליח.

דֶער זוּהְן פוּן אַלְפַי אוּנְד שִׁמְעוֹן הַקַּנָּאִי, אוּנְד יְהוּדָה דֶער בְּרוּדֶער פוּן יַעֲקֹב :

14 דִיזֶע אַלֶע וַוארֶען פְלֵייסִיג אִין אֵיין גֶעמִיט אִים גֶעבֶּעט אוּנְד תַּקָשָׁה, מִיט דִיא ווייבֶּער אוּנְד מִיט מִרְיָם, דִיא מוּטֶער פוּן יֵשׁוּעַ, אוּנְד מִיט זֵיינֶע בְּרִידֶער :

15 אוּנְד אִין דִיזֶע מֶיגְג אִיז פֶּעטְרוּס אוּיפְגֶעשְׁטַאנֶען צְוִוישֶׁען דִיא תַּלְמִידִים אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט (אוּנְד דִיא צָאל פוּן דִיא גֶעמֶען וָואס וַוארֶען צוּזַאמֶען וַואר אַן עֶרֶךְ פוּן הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג) :

16 אִיהְר מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, דִיא שְׁרִיפְט הָאט גֶעמוּסְט מְקוּיָם וֶוערֶען וָואס דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ הָאט צוּפָאר גֶעזָאגְט דוּרְךְ דָוִד, וֶוענֶען יְהוּדָה, וָואס וַואר אֵיין פִיהְרֶער צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶעפַאנְגֶען :

17 וָוארִין עֶר וַואר מִיט אוּנְס גֶעצֵיילְט, אוּנְד הָאט דֶערְהַאלְטֶען אֵיין טֵייל פוּן דִיזֶען דִינְסְט :

18 אוּנְד דִיזֶער הָאט גֶעקוֹיפְט אֵיין פֶעלְד פַאר דֶעם אוּמְגֶערֶעכְטֶען לוֹין, אוּנְד עֶר אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען אוּנְד אִיז אוּיפְגֶעשְׁפַּאלְטֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵיינֶע גַאנְצֶע גֶעדֶערְם זֶענֶען אוּיסְגֶעגָאסֶען גֶעוָוארֶען :

19 אוּנְד דָאס וַואר בֶּעקַאנְט צוּ אַלֶע לֵייט פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דָארוּם וֶוערְט דָאס פֶעלְד גֶערוּפֶען אִין זֵייעֶר אֵייגֶען לָשׁוֹן חֲקַל דְמָא, דָאס הֵייסְט דָאס פֶעלְד פוּן בְּלוּט :

20 וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין סֵפֶר תְּהִלִּים, לָאז זֵיין פַּאלַאסְט פֶערְוִויסְט וֶוערֶען, אוּנְד לָאז עֶס קֵיין בֶּעזִיצֶער נִיט הָאבֶּען, אוּנְד לָאז אֵיין אַנְדֶערֶער זֵיינֶע אִיבֶּערְזִיכְט גֶעמֶען :

21 דָארוּם מוּס אֵיינֶער פוּן דִיזֶע מֶענֶער, וָואס זֶענֶען מִיט אוּנְס דוּרְךְ דֶער גַאנְצֶער צֵייט, וֶוען דֶער הַאר יֵשׁוּעַ אִיז אֵיין אוּנְד אוּיסְגֶעגַאנְגֶען צְווִישֶׁען אוּנְס :

22 פוּן אָנְהֵייבּ פוּן דִיא טְבִילָה פוּן יוֹחָנָן בִּיז צוּם טָאג וֶוען עֶר וַואר אַרוּיפְגֶענוּמֶען פוּן אוּנְס, מִיט אוּנְס אֵיין עֵדוּת צוּ זֵיין אוּיף זֵיין אוּיפְשְׁטַאנְד :

23 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פָארְגֶעשְׁטֶעלְט צְוֵוייא, יוֹסֵף, וָואס וַואר גֶערוּפֶען בַּר־שַׁבָּא, אוּנְד מִיט דֶעם צוּנָאמֶען יוּסְטוּס, אוּנְד מַתְיָא :

25 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דוּא הַאר, וָואס דוּא קֶענְסְט דִיא הֶערְצֶער פוּן אַלֶע, וֵוייז וֶועלְכֶען פוּן דִיזֶע צְוֵוייא דוּא הָאסְט אוּיסְדֶערְוֵוייְלְט :

25 אַז עֶר זָאל עֶנְטפַאנְגֶען דָאס טֵייל פוּן דִיזֶען דִינְסְט אוּנְד שְׁלִיחוּת פוּן וֶועלְכֶען יְהוּדָה הָאט אָבְּגֶעוֵוייכְט, אַז עֶר זָאל גֵיין צוּ זֵיין אֵייגֶענֶעם אָרְט :

26 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶרֶע גוֹרָלוֹת גֶעוָוארְפֶען, אוּנְד דָאס גוֹרָל אִיז גֶעפַאלֶען אוּיף מַתְיָא, אוּנְד עֶר וַואר גֶעצֵיילְט מִיט דִיא עֶלְף אַפָּאסְטֶעלְם :

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד וֶוען דֶער טָאג פוּן שְׁבוּעוֹת אִיז גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ אַלֶע אִין אֵיינֶעם אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אוּיף אֵיין אָרְט :

2 אוּנְד דָא וַואר פְּלוּצְלוּנְג אֵיין קוֹל פוּם הִימֶעל, אַזוֹי וִויא דָאס רוֹישֶׁען פוּן אֵיין גֶעוַואלְטִיגֶען וִוינְד, אוּנְד עֶס הָאט אָנְגֶעפִילְט דָאס גַאנְצֶע הוֹיז וְואוּ זֵייא זֶענֶען גֶעזֶעסֶען :

3 אוּנְד עֶס הָאבֶּען זִיךְ צוּ זֵייא בֶּעוִויזֶען צוּשְׁפָּאלְטֶענֶע צוּנְגֶען וִויא פוּן

פֵֿייעֶר, וָואס אִיז גֶעוֶועסֶען אוֹיף אִיטְלִיכֶען פוּן זֵייא ׃

4 אוּנְד זֵייא וַוארֶען אַלֶע אָנְגֶעפִילְט מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּנְד הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעדֶען מִיט אַנְדֶערֶע לְשׁוֹנוֹת, אַזוֹי וִויא דֶער גֵייסְט הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אוֹיסְצוּשְׁפְּרֶעכֶען ׃

5 אוּנְד דָא הָאבֶּען גֶעווָאוינְט אִין יְרוּשָׁלַיִם יוּדֶען וָואס וַוארֶען פְרוּמֶע לֵייט, פוּן אִיטְלִיכֶען פָאלְק אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל ׃

6 אוּנְד וֶוען דִיזֶער שֵׁם אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי אִיז זִיךְ דִיא מַאסֶע צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען, אוּנְד זֶענֶען עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוָוארֶען, וָוארִין אִיטְלִיכֶער הָאט זֵייא גֶעהֶערְט רֶעדֶען אִין זֵיין אֵייגֶען לָשׁוֹן ׃

7 אוּנְד אַלֶע זֶענֶען עֶרְשְׁטוֹינְט אוּנְד פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאבֶּען אֵייגֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט, זֶענֶען נִיט אַלֶע דִיזֶע וָואס רֶעדֶען אוֹיס גָלִיל ?

8 וִויא אַזוֹי דֶען הֶערֶען מִיר אִיטְלִיכֶער אוּנְזֶער לָשׁוֹן אִין וֶועלְכֶען מִיר זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען ׃

9 דָאס לָשׁוֹן פוּן פָּרַס אוּנְד מָדַי, אוּנְד עֵילָם, אוּנְד דִיא וָואס ווָאוינֶען אִין אֲרַם נַהֲרַיִם, אוּנְד יְהוּדָה אוּנְד כַּפְתּוֹר, אוּנְד פַּאנְתִּי אוּנְד אַזְיָא ׃

10 אִין פְּרוּגְיָא אוּנְד פַּמְפִילְיָא אִין מִצְרַיִם, אוּנְד אִין דֶעם טֵייל פוּן לִיבִיעֶן וָואס אִיז בֶּייא קוּרִינִי, אוּנְד אוֹיסְלֶענְדֶער פוּן רוֹם, יוּדֶען אוּנְד גֵרִים ׃

11 כְּרֵתִים אוּנְד אַרַאבֶּער, אוּנְד מִיר הֶערֶען זֵייא רֶעדֶען דִיא גְבוּרוֹת פוּן גָאט אִין אוּנְזֶערֶע לְשׁוֹנוֹת ׃

12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע פֶערְוואוּנְדֶערְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעצְוֵויפֶעלְט, אוּנְד הָאבֶּען אֵייגֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט, וָואס זָאל דָאס זֵיין ?

13 אוּנְד אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעשְׁפֶּעט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זֵייא זֶענֶען פוּל מִיט זִיסֶען וויין ׃

14 אָבֶּער פֶּעטְרוֹס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען מִיט דִיא עֶלְף, אוּנְד הָאט זֵיין קוֹל אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר יוּדִישֶׁע מֶענֶער, אוּנְד אַלֶע וָואס ווָאוינֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, לָאז אֵייךְ דָאס צוּ וִויסֶען זֵיין, אוּנְד הָארְכְט צוּ מֵיינֶע רֵייד ׃

15 וָוארִין דִיזֶע זֶענֶען נִיט שִׁכּוֹר וִויא אִיהְר מֵיינְט; וָוארִין עֶס אִיז עֶרְשְׁט דִיא דְרִיטֶע שָׁעָה פוּן דֶעם טָאג ׃

16 אָבֶּער דָאס אִיז יֶענֶעס וָואס וַואר גֶעזָאגְט דוּרְךְ יוֹאֵל הַנָבִיא ׃

17 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג, זָאגְט גָאט, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אוֹיסְגִיסֶען מֵיין גֵייסְט אוֹיף אִיטְלִיכֶע בֶּעשֶׁעפֶענִיס, אוּנְד אֵיירֶע זִיהְן אוּנְד אֵיירֶע טֶעכְטֶער וֶועלֶען נְבוּאוֹת זָאגֶען, אוּנְד אֵיירֶע יוּנְגֶע לֵייט וֶועלֶען זֶעהֶען גֶעזִיכְטֶען, אוּנְד אֵיירֶע אַלְטֶע לֵייט וֶועלֶען חָלוּמ׳ן חֲלוּמוֹת ׃

18 אוּנְד אוֹיף מֵיינֶע קְנֶעכְט אוּנְד אוֹיף מֵיינֶע דִינְסְטְמֵיידֶען וֶועל אִיךְ אִין דִיזֶע טֶעג אוֹיסְגִיסֶען מֵיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען נְבוּאוֹת זָאגֶען ׃

19 אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעווייזֶען ווְאוּנְדֶער אִים הִימֶעל פוּן אוֹיבֶּען, אוּנְד צֵייכֶען אוֹיף דֶער עֶרְד פוּן אוּנְטֶען, בְּלוּט אוּנְד פַייעֶר אוּנְד אֵיין דַאמְפְּף פוּן רוֹיךְ ׃

20 דִיא זוּן וֶועט פֶערְקֶערְט וֶוערֶען צוּ פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד דִיא לְבָנָה צוּ בְּלוּט, אֵיידֶער דֶער גְרוֹיסֶער אוּנְד פוּרְכְטִיגֶער טָאג פוּן דֶעם הַאר גָאט וֶועט קוּמֶען ׃

21 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אַז אִיטְלִיכֶער

וָואס וֶועט אָנְרוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן
דֶעם הַאר גָאט וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען׃
22 אִיהְר מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, הֶערְט
צוּ דִיזֶע רֵייד, יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי, אֵיין מַאן
וָואס וַואר צוּ אֵייךְ בֶּעווִיזֶען פוּן גָאט
מִיט גְבוּרוֹת אוּנְד וְואוּנְדֶער אוּנְד
צֵייכֶען, וָואס גָאט הָאט דוּרְךְ אִיהְם
גֶעטְהוּן צְווִישֶׁען אֵייךְ, אַזוֹי וִויא אִיהְר
זֶעלְבְּסְט ווֵייסְט׃
23 דִיזֶער וָואס וַואר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
דוּרְךְ דִיא עֵצָה אוּנְד פָארְזֶעהוּנְג
פוּן גָאט, הָאט אִיהְר גֶענוּמֶען אוּנְד
הָאט אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט אוּנְד אוּמְגֶע־
בְּרַאכְט דוּרְךְ אוּמְגֶערֶעכְטֶע הֶענְד׃
24 וֶועלְכֶען גָאט הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט,
וֶוען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעלֵייזְט דִיא ווֵייטָאג
פוּן דֶעם טוֹיט; וָוארִין עֶס וַואר נִיט
מֶעגְלִיךְ אַז עֶר זָאל בֵּייא אִיהְם גֶער־
הַאלְטֶען וֶוערֶען׃
25 וָוארִין דָוִד זָאגְט אוֹיף אִיהְם, אִיךְ
הָאבּ דֶעם הַאר גָאט תָּמִיד צוּ פַאר
מִיר גֶעזֶעצְט, וָוארִין עֶר אִיז צוּ מֵיינֶע
רֶעכְטֶער הַאנְד, כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט
בֶּעוֶועגְט וֶוערֶען׃
26 דָארוּם הָאט זִיךְ מֵיין הַארְץ גֶער־
פְרֵייט אוּנְד מֵיינֶע צוּנְג וַואר פְרֵיילִיךְ;
אוּנְד מֵיין פְלֵיישׁ וֶועט אוֹיךְ רוּהֶען אִין
זִיכֶערְהֵייט׃
27 וָוארִין דוּא וֶועסְט מִיךְ נִיט פֶערְ־
לָאזֶען אִין שְׁאוֹל, אוּנְד וֶועסְט נִיט צוּ־
לָאזֶען אַז דֵיין הֵיילִיגֶער זָאל זֶעהֶען דִיא
פֶערְדֶערְבְּנִיס׃
28 דוּא הָאסְט מִיר צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן
דֶעם וֶועג פוּן דֶעם לֶעבֶּען, דוּא וֶועסְט
מִיךְ דֶערְפִילֶען מִיט פְרֵייד פוּן דֵיין
אָנְגֶעזִיכְט׃
29 אִיהְר מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, דֶערְ־
לוֹיבְּט מִיר אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ רֶעדֶען
מִיט פְרֵייהֵייט פוּן דֶעם הוֹיפְּט־פָאטֶער
דָוִד, אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד וַואר
בֶּעגְרָאבֶּען, אוּנְד זֵיין קֶבֶר אִיז מִיט
אוּנְס בִּיז צוּם הֵייטִיגֶען טָאג׃
30 אָבֶּער ווֵייל עֶר וַואר אֵיין נָבִיא,
אוּנְד הָאט גֶעוְואוּסְט אַז גָאט הָאט צוּ
אִיהְם גֶעשְׁוָוארֶען מִיט אֵיינֶע שְׁבוּעָה אַז
עֶר זָאל אוֹיפְשְׁטֶעלֶען דֶעם מָשִׁיחַ פוּן
דִיא פְרוּכְט פוּן זֵיינֶע לֶענְדֶען נָאךְ דֶעם
פְלֵיישׁ, אַז עֶר זָאל זִיצֶען אוֹיף זֵיין
טְרוֹיךְ־שְׁטוּל׃
31 אַזוֹי הָאט עֶר דָאס פָאַרְאוֹיס גֶעזֶע־
הֶען אוּנְד הָאט גֶערֶעט וֶועגֶען תְּחִיַּת
הַמֵּתִים פוּן מָשִׁיחַ, אַז עֶר זָאל נִיט
פֶערְלָאזֶען וֶוערֶען אִין שְׁאוֹל, אוּנְד זֵיין
פְלֵיישׁ זָאל נִיט זֶעהֶען קֵיינֶע פַארְ־
דַארְבֶּענִיס׃
32 דִיזֶען יֵשׁוּעַ הָאט גָאט אוֹיפְגֶע־
וֶועקְט, אוּנְד מִיר אַלֶע זֶענֶען עֵדוּת
דַארוֹיף׃
33 דָארוּם ווֵייל עֶר אִיז דֶערְהֵייכְט
בֵּייא דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן גָאט,
אוּנְד הָאט עֶנְטְפַאנְגֶען פוּן דֶעם פָאטֶער
דִיא הַבְטָחָה פוּן דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ, אַזוֹי
הָאט עֶר דָאס אוֹיסְגֶעגָאסֶען וָואס אִיהְר
זֶעהְט אוּנְד הֶערְט אַצוּנְד׃
34 וָוארִין דָוִד אִיז נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
אִין הִימֶעל אַרֵיין. אָבֶּער עֶר זָאגְט,
דֶער הַאר גָאט זָאגְט צוּ מֵיין הַאר, זִיץ
דוּא צוּ מֵיינֶע רֶעכְטֶער הַאנְד׃
35 בִּיז אִיךְ וֶועל מַאכֶען דֵיינֶע פֵיינְד
פַאר אֵיין פוּס־בַּאנְק צוּ דֵיינֶע פִּיס׃
36 דָארוּם לָאז דָאס גַאנְצֶע הוֹיז פוּן
יִשְׂרָאֵל וִויסֶען פַאר זִיכֶער, אַז גָאט הָאט
גֶעמַאכְט דִיזֶען יֵשׁוּעַ, וָואס אִיהְר הָאט
גֶעקְרֵייצִיגְט, פַאר אֵיין הַאר אוּנְד מָשִׁיחַ׃

37 אוּנְד ווִיא זַייא הָאבֶּען דָאס גֶע־הֶערְט הָאט עֶס זַייא גֶעשְׁטָאכֶען אִין דֶעם הַארְץ, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ פֶּעטְרוּס אוּנְד צוּ דִיא אִיבֶּערִיגֶע אַפָּאסְטֶעלְס, אִיהְר מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן ? אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, טְהוּט תְּשׁוּבָה אוּנְד וֶוערְט אִיטְלֶעכֶער *גֶעטוֹיפְט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ צוּ דֶער פַארְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְדֶען. אוּנְד אִיהְר וֶועט עֶנְטְפַאנְגֶען דִיא מַתָּנָה פוּן דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ :

39 וָוארִין דִיא הַבְטָחָה אִיז צוּ אֵייךְ אוּנְד צוּ אֵיירֶע קִינְדֶער, אוּנְד צוּ אַלֶע וָואס זֶענֶען פוּן ווַייטֶען, וֶועלְכֶע דֶער הַאר, אוּנְזֶער גָאט וֶועט רוּפֶען :

40 אוּנְד מִיט פִילֶע אַנְדֶערֶע רֵייד הָאט עֶר בֶּעצֵייגְט אוּנְד גֶעוָוארֶענְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הֶעלְפְט אֵייךְ אַרוֹיס פוּן דִיזֶען פַארְקֶערְטֶען גֶעשְׁלֶעכְט :

41 אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען זַיינֶע רֵייד גֶערְן אָנְגֶענוּמֶען, זֶענֶען גֶעטוֹיפְט גֶע־וָוארֶען, אוּנְד עֶס ווַארֶען צוּ גֶעטְהוּן אִין דֶעם טָאג קֶעגֶען דְרַייא טוֹיזֶענְד נְפָשׁוֹת :

42 אוּנְד זַייא ווַארֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין דֶער לֶערְנוּנְג פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעלְס, אוּנְד אִין דֶער גֶעמֵיינְשַׁאפְט אוּנְד אִין דֶעם בְּרוֹיט־בְּרֶעכֶען, אוּנְד אִין דֶעם גֶעבֶּעט :

43 אוּנְד אֵיינֶע פוּרְכְט אִיז גֶעקוּמֶען אִיבֶּער אַלֶע, אוּנְד פִילֶע וְואוּנְדֶער אוּנְד צֵייכֶען ווַארֶען גֶעשֶׁעהֶען דוּרְךְ דִיא אַפָּאסְטֶעלְס :

44 אוּנְד אַלֶע וָואס הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶעוֶועזֶען, אוּנְד הָאבֶּען אַלֶעס אִין גֶעמֵיינְשַׁאפְט גֶעהַאט :

45 אוּנְד זַייא הָאבֶּען פֶערְקוֹיפְט זֵיירֶע גִיטֶער אוּנְד הָאבֶּען עֶס צוּטֵיילְט צוּ אַלֶע, אִיטְלִיכֶען נָאךְ זַיין בֶּעדֶערְפְנִיס :

46 אוּנְד זַייא ווַארֶען טֶעגְלִיךְ בֶּע־שְׁטֶענְדִיג אִין אֵיינֶעם אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנְד הָאבֶּען גֶעבְּרָאכֶען בְּרוֹיט פוּן הוֹיז צוּ הוֹיז, אוּנְד הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען זֵיירֶע שְׁפֵּייז מִיט פְרֵיידֶען אוּנְד מִיט אֵיין אֵיינְפֶעלְטִיג הַארְץ :

57 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גָאט גֶעלוֹיבְּט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעהַאט גְנָאד בֵּייא דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, אוּנְד דֶער הַאר הָאט טֶעגְלִיךְ צוּגֶעטְהוּן צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע דִיא וָואס זֶענֶען גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען :

## קאַפּיטעל ג

1 אוּנְד פֶּעטְרוּס אוּנְד יוֹחָנָן זֶענֶען צוּזַאמֶען אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית־הַמִּקְדָּשׁ אַרַיין, אִין דֶער שָׁעָה פוּן גֶעבֶּעט, אוּם נַיין אוּהְר :

2 אוּנְד אֵיין מַאן ווַאר גֶעטְרָאגֶען וָואס ווַאר לָאם פוּן זַיין מוּטֶערְס לֵייבּ, וֶועלְכֶען זַייא הָאבֶּען טֶעגְלִיךְ אַנִידֶערְ־גֶעזֶעצְט בֵּייא דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, וָואס ווַאר גֶערוּפֶען דָאס שֵׁיינֶע טוֹיעֶר, אַז עֶר זָאל בֶּעטֶען נְדָבוֹת פוּן דִיא וָואס זֶענֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַרַיין גֶעגַאנְגֶען :

3 וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶן פֶּעטְרוּס אוּנְד יוֹחָנָן אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַרַיין קוּמֶען, הָאט עֶר גֶעבֶּעטֶען אוּם אַ נְדָבָה :

4 אוּנְד פֶּעטְרוּס אוּנְד יוֹחָנָן הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעקוּקְט אוּנְד גֶעזָאגְט, זֶעה אוֹיף אוּנְס :

5 אוּנְד עֶר הָאט זַייא אָנְגֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט גֶעהָאפְט עֶפֶּעס פוּן זַייא צוּ קְרִיגֶען :

* טוֹיפֶען הייסט טובל זיין.

אונד

6 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט גֶעזָאגְט, זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד הָאבּ אִיךְ נִיט. אָבֶּער וָואס אִיךְ הָאבּ דָאס גִיבּ אִיךְ דִיר, אִין דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ הַנָצְרִי, שְׁטֵייא אוּיף, אוּנְד גֵייא אַרוּם:

7 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד אוּנְד הָאט אִיהְם אוּיף גֶעשְׁטֶעלְט. אוּנְד אַזוֹי בַּאלְד זֶענֶען זֵיינֶע שֶׁענְקֶעל אוּנְד קְנֶעכֶעל גֶעשְׁטַארְקְט גֶעוָוארֶען:

8 אוּנְד עֶר אִיז אוּיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּנְד גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אַרוּם גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר אִיז מִיט זֵייא אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז אַרוּם גֶע־גַאנְגֶען אוּנְד גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, אוּנְד הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט:

9 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען אַרוּם גֵיין אוּנְד גָאט לוֹיבֶּען:

10 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעקֶענְט אַז דָאס אִיז דֶער וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אוּם נְדָבוֹת בֵּייא דֶעם שֵׁיינֶעם טוֹיעֶר פוּן בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד זֵייא וַוארֶען דֶערְפִילְט מִיט וְואוּנְדֶער אוּנְד שְׁרֶעק אִיבֶּער דֶעם וָואס אִיז צוּ אִיהְם גֶע־שֶׁעהֶען:

11 אוּנְד וֶוען דֶער קְרוּמֶער וָואס וַואר גֶעהֵיילְט הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען אָן פֶּעטְרוּס אוּנְד יוֹחָנָן, אַזוֹי אִיז זִיךְ דָאס גַאנְצֶע פָאלְק צוּ זֵייא צוּזַאמֶען גֶעלָאפֶען צוּם פָּאלִישׁ, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען דָאס פָּאלִישׁ פוּן שְׁלֹמֹה, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ פַארְוְואוּנְדֶערְט:

12 וֶוען פֶּעטְרוּס הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּם פָאלְק, אִיהְר מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, וַוארוּם וְואוּנְדֶערְט אִיהְר אֵייךְ אִיבֶּער דִיזֶען? אָדֶער וָואס זֶעהְט אִיהְר אוּנְס אַזוֹי אָן, אוֹיבּ מִיר הָאבֶּען דָאס גֶעטְהוּן בֵּייא אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע מַאכְט אָדֶער פְרוּמִיגְקֵייט אַז דִיזֶער זָאל אַרוּם גֵיין?

13 דֶער גָאט פוּן אַבְרָהָם אוּנְד יִצְחָק אוּנְד יַעֲקֹב, דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאט פֶערְהֶערְלִיכְט זֵיין זוּהְן יֵשׁוּעַ, וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט אִיבֶּערְגֶע־עֶנְטְפֶערְט, אוּנְד הָאט אִיהְם פֶערְ־לֵייקֶענְט פַאר פִּילָטוּס, וֶוען עֶר הָאט בֶּעשְׁלָאסֶען אַז עֶר זָאל אִיהְם לוֹיז לָאזֶען:

14 אוּנְד אִיהְר הָאט פֶערְלֵייקֶענְט דֶעם הֵיילִיגֶען אוּנְד גֶערֶעכְטֶען, אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען אַז מֶען זָאל אֵייךְ אַרוֹיסְגֶעבֶּען אֵיין רוֹצֵחַ:

15 אוּנְד אִיהְר הָאט אוּמְגֶעבְּרַאכְט דֶעם הַאר פוּן לֶעבֶּען, וֶועלְכֶען גָאט הָאט אוּיפְגֶעוֶועקְט פוּן דֶעם טוֹיט. אוּנְד מִיר זֶענֶען עֵדוּת דְרוֹיף:

16 אוּנְד זֵיין נָאמֶען, דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין זֵיין נָאמֶען, הָאט דִיזֶען גֶעשְׁטַארְקְט, וֶועלְכֶען אִיהְר זֶעהְט אוּנְד קֶענְט, אוּנְד דֶער גְלוֹיבֶּען וָואס אִיז דוּרְךְ אִיהְם הָאט אִיהְם דִיזֶע גֶעזוּנְדְהֵייט גֶעגֶעבֶּען פָאר אֵייךְ אַלֶע:

17 אוּנְד אַצוּנְד בְּרִידֶער, אִיךְ וֵויים אַז אִיהְר הָאט דָאס גֶעטְהוּן אוּנְוִויסֶענְטְלִיךְ, אַזוֹי וִויא אֵיירֶע עֶלְצְטֶע:

18 אָבֶּער גָאט הָאט דָאס אַזוֹי דֶערְ־פִילְט וָואס עֶר הָאט פְרִיעֶר גֶעזָאגְט דוּרְךְ דֶעם מוֹיל פוּן אַלֶע זֵיינֶע נְבִיאִים, אַז דֶער מָשִׁיחַ וֶועט לֵיידֶען:

19 דְרוּם טְהוּט תְּשׁוּבָה אוּנְד בֶּע־קֶעהְרְט אֵייךְ, אַז אֵיירֶע זִינְדֶען זָאלֶען אוֹיסְגֶעמֶעקְט וֶוערֶען, וֶוען דִיא צֵייטֶען פוּן דֶערְקְוִויקוּנְג וֶועט קוּמֶען פוּן דֶעם הַאר:

20 אוּנְד עֶר װֶעט שִׁיקֶען יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ
װָאס װאַר צוּ אֵייךְ פְּרִיעֶר גֶעפְּרֶעדִיגְט׃
21 װֶעלְכֶען דֶער הִימֶעל מוּס עֶנְטְ־
פַאנְגֶען בִּיז צוּ דֶער צֵייט װֶען אַלֶעס
װֶעט צוּרִיק גֶעשְׁטֶעלְט װֶערֶען, װָאס
גָאט הָאט גֶעשְׁפְּרָאכֶען דוּרךְ דֶעם מױל
פוּן אַלֶע זֵיינֶע הֵיילִיגֶע נְבִיאִים פוּן
אֵייבִּיג אָן׃
22 װָארִין משֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
אָבוֹת, דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט װֶעט צוּ
אֵייךְ אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אֵיין נָבִיא פוּן
אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, גְלֵייךְ צוּ מִיר. אִיהְם
זָאלְט אִיהְר צוּ הֶערֶען אִין אַלֶעם װָאס
עֶר װֶעט צוּ אֵייךְ זָאגֶען׃
23 אוּנְד עֶס װֶעט זֵיין אִיטְלֶעכֶער װָאס
װֶעט נִיט הֶערֶען צוּ דֶעם נָבִיא, זָאל
פֶערְטִילְגְט װֶערֶען פוּן דֶעם פָאלְק׃
24 אוּנְד אַלֶע נְבִיאִים פוּן דֶער צֵייט
פוּן שְׁמוּאֵל אוּנְד דֶערְנָאךְ, װָאס הָאבֶּען
נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט הָאבֶּען אַלֶע מְבַשֵׂר
גֶעװֶעזֶען אוֹיף דִיזֶע טֶעג׃
25 אִיהְר זֶענְט דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא
נְבִיאִים, אוּנְד פוּן דֶעם בְּרִית װָאס
גָאט הָאט גֶעמַאכְט מִיט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַבְרָהָם, אוּנְד
אִין דֵיין זָאמֶען װֶעלֶען אַלֶע גֶעשְׁלֶעכְ־
טֶער פוּן דֶער עֶרְד גֶעבֶּענְשְׁט װֶערֶען׃
26 צוּ אֵייךְ צוּם עֶרְשְׁטֶען הָאט גָאט
אוֹיף גֶעװֶעקְט זֵיין זוּהְן יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאט
אִיהְם גֶעשִׁיקְט אֵייךְ צוּ בֶּענְשֶׁען, אַז
עֶר זָאל אֵייךְ אִיטְלִיכֶען אָפְּקֶערֶען פוּן
זֵיינֶע זִינְד׃

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען גֶערֶעט צוּם
פָאלְק אַזוֹי זֶענֶען צוּ זֵייא גֶעקוּמֶען דִיא
כֹּהֲנִים, אוּנְד דֶער אוֹיבֶּערשְׁטֶער פוּן
דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּנְד דִיא צְדוּקִים׃
2 אוּנְד עֶס הָאט זֵייא פֶערְדְרָאסֶען
װֵייל זֵייא הָאבֶּען גֶעלֶעהְרְט דָאס פָאלְק,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט דוּרךְ יֵשׁוּעַ
דֶעם אוֹיפְשְׁטַאנְד פוּן דֶעם טוֹיט׃
3 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶענוּמֶען אוּנְד
הָאבֶּען זֵייא אִין דֶער תְּפִיסָה אֵיינְגֶע־
זֶעצְט בִּיז צוּ מָארְגֶען. װָארִין עֶס װאַר
אָבֶענְד׃
4 אוּנְד פִילֶע פוּן דִיא װָאס הָאבֶּען
גֶעהֶערְט דָאס װָארְט הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט,
אוּנְד דִיא צָאל פוּן דִיא לֵייט װאַר אַן
עֶרֶךְ פוּן פִינְף טוֹיזֶענְד׃
5 אוּנְד עֶס װאַר צוּ מָארְגֶען אַזוֹי
הָאבֶּען זִיךְ זֵיירֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אוּנְד
זְקֵנִים אוּנְד סוֹפְרִים אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט קֵיין
יְרוּשָׁלַיִם׃
6 אוּנְד חָנָן דֶער כֹּהֵן גָדוֹל, אוּנְד כַּיָפָא,
אוּנְד יוֹחָנָן, אוּנְד אַלֶכְּסַנְדֶר, אוּנְד אַלֶע
װָאס זֶענֶען גֶעװֶעזֶען פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה
פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל׃
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אִין דֶער
מִיטֶען אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנְד הָאבֶּען
זֵייא גֶעפְרֶעגְט, מִיט װֶעלְכֶער מַאכְט
אָדֶער אִין װֶעלְכֶען נָאמֶען הָאט אִיהְר
דָאס גֶעטְהוּן?
8 אוּנְד פֶּעטְרוּס װאַר אָנְגֶעפִילְט מִיט
דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּנְד הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, אִיהְר אָבֶּערשְׁטֶע פוּן דֶעם
פָאלְק אוּנְד זְקֵנִים פוּן יִשְׂרָאֵל׃
9 װֶען מִיר װֶערֶען הֵיינְט פַארְהֶערְט
װֶעגֶען דֶעם גוּטֶען װֶערְק אַן דֶעם
קְרַאנְקֶען מֶענְשׁ, דוּרךְ װָאס עֶר אִיז
גֶעהַיילְט גֶעװָארֶען׃
10 אַזוֹי זָאל עֶס אֵייךְ אַלֶע בֶּעװוּסְט
זֵיין, אוּנְד צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק
יִשְׂרָאֵל, אַז אִין דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ הַנָצְרִי, װֶעלְכֶען אִיהְר הָאט

געקרייציגט, אונד וועלכען גאט האט אויפגעוועקט פון דעם טויט, דורך איהם שטייט דיזער היר געזונד פאר אייך:

11 דאס איז דער שטיין וואס וואר פארווארפען ביי אייך בוילייטע, וואס איז געווארען צום עק שטיין:

12 אונד עס איז קיינע ישועה ניט פערהאנדען אין קיין אנדערן. ווארין עס איז ניט דא קיין אנדערער נאמען אונטער דעם הימעל וואס וואר גע־געבען צו מענשען, דורך וועלכען מיר קענען געהאלפען ווערען:

13 אונד ווען זייא האבען געזעהען דיא פרייהייט פון פעטרוס אונד יוחנן, אונד האבען געמערקט אז זייא זענען אומגעלערענטע אונד געמיינע לייט, אזוי האבען זייא זיך פערוואונדערט. אונד זייא האבען דערקענט אז זייא זענען געוועזען מיט ישוע:

14 אונד ווען זייא האבען געזעהען דעם געהיילטען מאן מיט זייא שטיין, אזוי האבען זייא נישט געקענט ענט־קעגען רעדען:

15 אונד זייא האבען זייא געהייסען ארויסגיין פון דיא סנהדרין, אונד האבען זיך מיט אנאנדער בעראטען:

16 אונד זייא האבען געזאגט, וואס זאלען מיר טהון צו דיזע לייט? ווארין עס איז בעוואוסט צו אלע וואס וואוינען אין ירושלים אז איין גרויס וואונדער איז דורך זייא געשעהען, אונד מיר קענען עס ניט לייקענען:

17 אבער כדי עס זאל זיך ניט ווייטער אויסשפרייטען צווישען דעם פאלק, אזוי לאזען מיר זייא מיט געוואלט פערביטען אז זייא זאלען אין דיזען נאמען צו קיין מענש ניט מעהר רעדען:

18 אונד זייא האבען זייא גערופען, אונד האבען זייא אנגעזאגט אז זייא זאלען גאר ניט רעדען אונד ניט לעהרען אין דעם נאמען פון ישוע:

19 אבער פעטרוס אונד יוחנן האבען זייא געענטפערט אונד האבען געזאגט, ריכטעט איהר זעלבסט אויב עס איז רעכט פאר גאט אז מיר זאלען אייך מעהר געהארכען וויא גאט:

20 ווארין עס איז ניט מעגליך אז מיר זאלען ניט רעדען וואס מיר האבען געזעהען אונד געהערט:

21 אונד זייא האבען זייא ווייטער אנ־געשריגען אונד האבען זייא לויז גע־לאזט, ווייל זייא האבען זייא גאר נישט געקענט שטראפען איבער דעם פאלק. ווארין זייא האבען אלע גאט געלויבט וועגען דעם וואס איז געשעהען:

22 ווארין דער מאן צו וועלכען דאס וואונדער פון דעם היילען איז גע־שעהען וואר איבער פירציג יאהר אלט:

23 אונד ווען זייא וואַרען לויז גע־לאזט זענען זייא געקומען צו זייערע פריינד, אונד האבען דערציילט וואס דיא ראשי כהנים אונד דיא זקנים האבען צו זייא געזאגט:

24 וויא זייא האבען דאס געהערט האבען זייא אין איינעם אויפגעהויבען זייער קול צו גאט אונד האבען גע־זאגט, האר, דוא ביסט דער גאט וואס האסט געמאכט הימעל אונד ערד, אונד דאס ים אונד אלעם וואס איז דרינען:

25 וואס דוא האסט געזאגט דורך דעם מויל פון דיין קנעכט דוד, ווארום טהון דיא גוים שטורמען, אונד דיא

פעלקער

פֶעלְקֶער טְרַאכְטְעֶן לֶערֶע זַאכֶען:

26 דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד דִיא פִירשְׁטֶען הָאבֶּען זִיךְ אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט קֶעגֶען דֶעם הַאר גָאט אוּנְד קֶעגֶען זַיין מָשִׁיחַ:

27 וָוארִין זַייא הָאבֶּען זִיךְ וַואהְרְ־הַאפְטִיג אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט קֶעגֶען דֵיין הֵיילִיג קִינְד יֵשׁוּעַ, וֶועלְכֶען דוּא הָאסְט גֶעזַאלְבְּט, הוֹרְדוֹס אוּנְד פָאנְטִיוּס פִּילָטוֹס מִיט דִיא גוֹיִם אוּנְד מִיט דֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל:

28 אַז זַייא זָאלֶען טְהוּן וָואס דֵיינֶע הַאנְד אוּנְד דֵיין עֵצָה הָאט פְרִיעֶר בֶּעשְׁטִימְט אַז עֶס זָאל גֶעשֶׁעהֶען:

29 אוּנְד אַצוּנְד הַאר, זֶעה אוֹיף זֵייעֶר אָנְשְׁרֵייעֶן, אוּנְד גִיב צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט אַז זַייא זָאלֶען רֶעדֶען דָאס וָוארְט מִיט פְרֵייהֵייט:

30 אוּנְד שְׁטְרֶעק אוֹיס דֵיינֶע הַאנְד צוּ הֵיילֶען, אוּנְד אַז צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער זָאלֶען גֶעשֶׁעהֶען אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֵיין הֵיילִיגֶען קִינְד יֵשׁוּעַ:

31 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען, אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער אָרְט בֶּעוֶועגְט וְואוּ זַייא וַוארֶען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט. אוּנְד זַייא וַוארֶען אַלֶע אָנְגֶעפִילְט מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ. אוּנְד הָאבֶּען גֶערֶעט דָאס וָוארְט פוּן גָאט מִיט פְרֵייהֵייט:

32 אוּנְד דִיא מַאסֶע וָואס הָאבֶּען גֶע־גְלוֹיבְּט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען וִויא אֵיין הַארְץ אוּנְד אֵיין נְשָׁמָה; אוּנְד קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעזָאגְט אַז עֶפֶּעס פוּן זַיין פַארְ־מֶעגֶען אִיז זַיין אֵייגֶענְס, נֵייעֶרְט זַייא הָאבֶּען אַלֶעס אִין גֶעמֵיינְשַׁאפְט גֶעהַאט:

33 אוּנְד דִיא אַפָּאסְטֶעלְן הָאבֶּען צֵייגְנִים גֶעגֶעבֶּען צוּם אוֹיפְשְׁטַאנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ מִיט גְרוֹיסֶער גְבוּרָה, אוּנְד גְרוֹיסֶע גְנָאד וַואר אִיבֶּער זַייא אַלֶע:

34 אוּנְד עֶס וַואר נִיט קֵיין שׁוּם נוֹיטְ־בֶּעדַארְפְטִיגֶער צְוִוישֶׁען זַייא. וָוארִין זָאלְכֶע וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֶּעזִיצֶערְס פוּן לַאנְד אוּנְד הֵייזֶער הָאבֶּען זַייא פֶערְקוֹיפְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דֶעם פְּרֵייז פוּן דִיא פֶערְקוֹיפְטֶע זַאכֶען:

35 אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט צוּ דִיא פִּיס פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעלְן; אוּנְד עֶס וַואר צוּ טֵיילְט צוּ אִיטְלִיכֶען נָאךְ זַיין בֶּעדֶערְפְנִיס:

36 אוּנְד יוֹסֵף, וָואס וַואר גֶערוּפֶען בַּייא דִיא אַפָּאסְטֶעלְן בַּר־נַבָּא, (וָואס אִיז אוֹיף יוּדִישׁ, זוּהְן פוּן טְרֵייסְט) אֵיין לֵוִי פוּן דֶעם לַאנְד קַפְּרוֹס, הָאט גֶעהַאט אֵיין פֶעלְד:

37 אוּנְד עֶר הָאט עֶס פֶערְקוֹיפְט, אוּנְד הָאט גֶעבְּרַאכְט דָאס גֶעלְד אוּנְד הָאט עֶס אַנִידֶערגֶעלֵייגְט צוּ דִיא פִּיס פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעלְן:

## קַאפִּיטֶעל ה

1 אוּנְד אֵיין מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען חֲנַנְיָה, אוּנְד זַיין וַוייבּ שַׁפִּירָא, הָאט פֶערְקוֹיפְט זַיינֶע גִיטֶער:

2 אוּנְד עֶר הָאט אָרוּפְּגֶענוּמֶען פוּן דֶעם פְּרֵייז, מִיט זַיין וַוייבְּס וִויסֶען, אוּנְד הָאט נָאר גֶעבְּרַאכְט אֵיין טֵייל דֶערְפוּן אוּנְד הָאט עֶס אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט צוּ דִיא פִּיס פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעלְן:

3 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט גֶעזָאגְט, חֲנַנְיָה, פַאר וָואס הָאט דֶער שָׂטָן דֵיין הַארְץ דֶערְפִילְט אַז דוּא זָאלְסְט לֵייקֶענֶען צוּם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּנְד אָרוּפְּגֶענוּמֶען פוּן דֶעם פְּרֵייז פוּן לַאנְד:

4 וֶוען דוּא הָאסְט עֶס גֶעהַאט אִיז עֶס דֶען נִיט דֵיין גֶעוֶועזֶען? אוּנְד וֶוען

דוּא הָאסְט עֶס פֶערְקוֹיפְט, אִיז עֶס
אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אִין דֵיינֶע מַאכְט. וָוארוּם
הָאסְט דוּא דִיר דֶען דָאס פָארגֶענוּמֶען
אִין דֵיין הַארְץ? דוּא הָאסְט נִיט לִיגֶען
גֶעזָאגְט צוּ מֶענְשֶׁען, נֵייעֶרְט צוּ גָאט:

5 אוּנְד וִויא חֲנַנְיָה הָאט דִיזֶע רֵייד
גֶעהֶערְט, אַזוֹי אִיז עֶר אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען
אוּנְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען; אוּנְד עֶס וַואר
אֵיינֶע גְרוֹיסֶע פוּרְכְט אוֹיף אַלֶע וָואס
הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט:

6 אוּנְד דִיא יוּנְגֶע לֵייט זֶענֶען אוֹיפְ־
גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם צוּ גֶע־
רֶעכְט. אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסגֶע־
טְרָאגֶען אוּנְד בֶּעגְרָאבֶּען:

7 אוּנְד עֶס וַואר אִין אֵיינֶע צֵייט פוּן
דְרֵייא שָׁעָה אַזוֹי אִיז זֵיין ווייבּ אַרֵיינְ־
גֶעקוּמֶען, אוּנְד זִיא הָאט נִיט גֶעווָאוּסְט
וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען:

3 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְר גֶע־
אֶנְטְפֶערְט, זָאג מִיר אוֹיבּ אִיהְר הָאט
דָאס פֶעלְד פֶערְקוֹיפְט פַאר אַזוֹי פִיל?
אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, יוֹא, פַאר אַזוֹי
פִיל:

2 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְר גֶע־
זָאגְט, וָוארוּם הָאט אִיהְר אֵייךְ אַזוֹי
פֶערְאֵיינִיגְט צוּ פְּרוּפֶען דֶעם גֵייסְט פוּן
גָאט? זֶעה, דִיא פִיס פוּן דִיא וָואס
הָאבֶּען דֵיין מַאן בֶּעגְרָאבֶּען זֶענֶען בֵּייא
דֶער טִיהְר, אוּנְד זַייא וֶועלֶען דִיךְ
אַרוֹיסטְרָאגֶען:

10 אַזוֹי אִיז זִיא בַּאלְד אַנִידֶערְגֶע־
פַאלֶען פָאר זֵיינֶע פִיס, אוּנְד אִיז גֶע־
שְׁטָארְבֶּען. אוּנְד דִיא יוּנְגֶע לֵייט זֶענֶען
גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיא גֶעפוּנֶען
טוֹיט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיא אַרוֹיסְגֶע־
טְרָאגֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיא בֶּעגְרָאבֶּען
נֶעבֶּען אִיהְר מַאן:

11 אוּנְד עֶס וַואר אֵיינֶע גְרוֹיסֶע
פוּרְכְט אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער גֶעמֵיינְדֶע,
אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע וָואס הָאבֶּען דָאס
גֶעהֶערְט:

12 אוּנְד עֶס וַוארֶען גֶעשֶׁעהֶען פִּילֶע
צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער צְווִישֶׁען דֶעם
פָאלְק דוּרְךְ דִיא הֶענְד פוּן דִיא
אַפָּאסְטֶעלְס. אוּנְד זַייא וַוארֶען אַלֶע צוּ־
זַאמֶען אִין דֶעם פָּאלִישׁ פוּן שְׁלֹמֹה:

13 אוּנְד קֵיינֶער פוּן דִיא אַנְדֶערְן
הָאט זִיךְ נִיט דֶערְוְואוּיגֶען זִיךְ צוּ זַייא
צוּ בֶּעהֶעפְטֶען. אָבֶּער דָאס פָאלְק הָאט
פוּן זַייא פִיל גֶעהַאלְטֶען:

14 אוּנְד עֶס זֶענֶען נָאךְ מֶעהְר צוּ
גֶעקוּמֶען וָואס הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אָן דֶעם
הַאר, פִילֶע מֶענֶער אוּנְד ווייבֶּער:

15 אוּנְד זַייא הָאבֶּען דִיא קְרַאנְקֶען
אוֹיף דִיא גַאסֶען אַרוֹיס גֶעטְרָאגֶען, אוּנְד
הָאבֶּען זַייא גֶעלֵייגְט אוֹיף בֶּעטֶען אוּנְד
גֶעלֶעגֶערְס, כְּדֵי וֶוען פֶּעטְרוּס וֶועט
פֶערְבֵּייא גֵיין אַזוֹי זָאל נָאר זֵיין שָׁאטֶען
אֵיינֶעם פוּן זַייא בֶּעדֶעקֶען:

16 אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז זִיךְ צוּזַאמֶען
גֶעקוּמֶען פוּן דִיא שְׁטֶעט נָאהְנְט צוּ
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דִיא
קְרַאנְקֶען אוּנְד דִיא וָואס וַוארֶען גֶע־
פֵּיינִיגְט פוּן אוּמְרֵיינֶע רוּחוֹת. אוּנְד
זַייא זֶענֶען אַלֶע גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען:

17 אוּנְד דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִיז אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען אוּנְד אַלֶע וָואס וַוארֶען מִיט
אִיהְם, וָואס וַוארֶען דִיא כִּיתָּה פוּן דִיא
צַדוּקִים. אוּנְד זַייא וַוארֶען פוּל מִיט
קִנְאָה:

18 אוּנְד זַייא הָאבֶּען דִיא אַפָּאסְטֶעלְס
גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען זַייא אִין דָאס
גֶעמֵיינֶע גֶעפֶענְקְנִיס אַרֵיינְגֶעזֶעצְט:

19 אוּנְד אֵיין מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר גָאט

הָאט בֵּייא דֶער נַאכְט גֶעעֶפֶענְט דִיא טִירֶען פוּן דֶעם גֶעפֶענְקְנִיס, אוּנְד הָאט זֵייא אַרוֹיסְגֶעפִירְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט:

20 גֵייט אַוֶועק אוּנְד שְׁטֵייט אוּנְד זָאגְט צוּם פָאלְק אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַלֶע דִיא רֵייד פוּן דִיזֶען לֶעבֶּען:

21 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא אִין דֶער פְרִיה אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּנְד הָאבֶּען גֶעלֶעהְרְט. אוּנְד דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד דִיא וָואס וַוארֶען מִיט אִיהְם, אוּנְד הָאט צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען דִיא סַנְהֶדְרִין אוּנְד אַלֶע זְקֵנִים פוּן דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, אוּנְד הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט אִין דֶער תְּפִסָה אַרֵיין אַז מֶען זָאל זֵייא בְּרֶענְגֶען:

22 אָבֶּער וֶוען דִיא מְשָׁרְתִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען הָאבֶּען זֵייא זֵייא נִיט גֶעפוּנֶען אִין דֶער תְּפִיסָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּנְד הָאבֶּען עֶס דֶערְצֵיילְט:

23 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גֶעפוּנֶען דִיא תְּפִיסָה פֶערְשְׁלָאסֶען מִיט אַלֶער זִיכֶערְהֵייט, אוּנְד דִיא שׁוֹמְרִים זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פוּן דְרוֹיסֶען בֵּייא דֶער טִיר. אָבֶּער וֶוען מִיר הָאבֶּען אוֹיפְגֶעמַאכְט, הָאבֶּען מִיר דְרִינֶען קֵיינֶעם נִיט גֶעפוּנֶען:

24 אוּנְד וֶוען דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אוּנְד דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעצְוֶוייפֶעלְט וֶוענֶען זֵייא וָואס דָא וֶועט דַארוֹיס וֶוערֶען:

25 אוּנְד אֵיינֶער אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט זֵייא דֶערְצֵיילְט אוּנְד גֶעזָאגְט, זֶעהְט, דִיא לֵייט וָואס אִיהְר הָאט אִין דֶער תְּפִיסָה אַרֵיינְגֶעזֶעצְט שְׁטֵייען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּנְד לֶעהְרֶען דָאס פָאלְק:

26 אַזוֹי אִיז דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִיט דִיא מְשָׁרְתִים, אוּנְד הָאט זֵייא גֶעבְּרַאכְט, נִיט מִיט גֶעוַואלְט, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען פַאר דֶעם פָאלְק אַז זֵייא זָאלֶען נִיט פֶערְשְׁטֵיינִיגְט וֶוערֶען:

27 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּרַאכְט, הָאבֶּען זֵייא זֵייא גֶעשְׁטֶעלְט פַאר דִיא סַנְהֶדְרִין, אוּנְד דֶער כֹּהֵן הַגָדוֹל הָאט זֵייא גֶעפְרֶעגְט:

28 אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הָאבֶּען מִיר אֵייךְ נִיט שְׁטַארְק פֶערְבָּאטֶען אַז אִיהְר זָאלְט נִיט לֶעהְרֶען אִין דִיזֶען נָאמֶען? אוּנְד אַצוּנְד הָאט אִיהְר אָנְגֶעפִילְט יְרוּשָׁלַיִם מִיט אֵיירֶע לֶערְנוּנְג, אוּנְד אִיהְר ווִילְט אוֹיף אוּנְס בְּרֶענְגֶען דָאס בְּלוּט פוּן דִיזֶען מֶענְשׁ:

29 אָבֶּער פֶּעטְרוּס אוּנְד דִיא אַפָּאסְטֶעלְן הָאבֶּען גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, מִיר מוּסֶען גָאט מֶעהְר גֶעהָארְכֶען ווִיא מֶענְשֶׁען:

30 דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט יֵשׁוּעַ, וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעהַאנְגֶען אוֹיף אֵיין הָאלְץ:

31 דִיזֶען הָאט גָאט דֶערְהֵייכְט בֵּייא זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד פַאר אֵיין הַאר אוּנְד אֵיין הֶעלְפֶער, אַז עֶר זָאל גֶעבֶּען תְּשׁוּבָה צוּ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד פַארְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְדֶען:

32 אוּנְד מִיר זֶענֶען זֵיינֶע עֵדוּת אוֹיף דִיזֶע זַאכֶען, אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, וֶועלְכֶען גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא וָואס גֶעהָארְכֶען אִיהְם:

33 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס

גְעהֶערְט, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ זֶעהְר דֶערְ־
צֶערְנְט, אוּנְד הָאבֶּען אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען
זֵייא זָאלֶען זֵייא אוּמְבְּרֶענְגֶען׃
34 אָבֶּער אֵיין פְּרוּשׁ פוּן דִיא סַנְהֶדְרִין
אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, וָואס הָאט גֶע־
הֵייסֶען גַמְלִיאֵל, אֵיין לֶעהְרֶער פוּן דֶער
תּוֹרָה, וָואס וַואר אָנְגֶעזֶעהֶען בֵּייא דֶעם
גַאנְצֶען פָאלְק, אוּנְד הָאט גֶעהֵייסֶען
דִיא אַפָּאסְטֶעלְס אַבִּיסֶעל אַרוֹיסְפִיהְרֶען׃
35 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיהְר מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, גֶעמְט אֵייךְ
אִין אַכְט וָואס אִיהְר ווילְט טְהוּן מִיט
דִיזֶע מֶענְשֶׁען׃
36 וָוארִין פַאר דִיזֶע צֵייט אִיז אוֹיפְ־
גֶעשְׁטַאנֶען תּוֹדָס, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט
אַז עֶר אִיז עֶפֶּעס, אוּנְד אַן עֶרֶךְ פוּן
פִיר הוּנְדֶערְט מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ צוּ
אִיהְם בֶּעהֶעפְט; אָבֶּער עֶר אִיז אוּמְ־
גֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אַלֶע וָואס
הָאבֶּען אִיהְם צוּגֶעהָארְכְט זֶענֶען צוּ־
שְׁפְּרֵייט אוּנְד צוּ נִישְׁט גֶעוָוארֶען׃
37 נָאכְדֶעם אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען יְהוּדָה
פוּן גָלִיל, אִין דֶער צֵייט פוּן טַאקְסוּנְג,
אוּנְד הָאט פִיל פָאלְק מִיט זִיךְ גֶע־
צוֹיגֶען, אוּנְד דִיזֶער אִיז אוֹיךְ פֶערְלוֹירֶען
גֶעוָוארֶען, אוּנְד אַלֶע וָואס הָאבֶּען אִיהְם
צוּגֶעהֶערְט זֶענֶען צוּשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען׃
38 אוּנְד אַצוּנְד זָאג אִיךְ אֵייךְ, שְׁטֵייט
אָפּ פוּן דִיזֶע לֵייט אוּנְד לָאזְט זֵייא גֵיין.
וָוארִין וֶוען דִיזֶע עֵצָה אָדֶער דִיזֶעס
וֶוערְק אִיז פוּן מֶענְשֶׁען, אַזוֹי וֶועט עֶס
פֶערְשְׁטֶערְט וֶוערֶען׃
39 אָבֶּער וֶוען עֶס אִיז פוּן גָאט, אַזוֹי
קֶענְט אִיהְר עֶס נִיט שְׁטֶערֶען. וָוארִין
טָאמֶער וֶועט אִיהְר גֶעפוּנֶען וֶוערֶען צוּ
שְׁטְרֵייטֶען קֶעגֶען גָאט׃
40 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם צוּגֶע־
הָארְכְט. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוּפֶען
דִיא אַפָּאסְטֶעלְס אוּנְד הָאבֶּען זֵייא גֶע־
שְׁלָאגֶען אוּנְד אָנְגֶעזָאגְט אַז זֵייא זָאלֶען
נִיט רֶעדֶען אִין דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ,
אוּנְד הָאבֶּען זֵייא פְרֵייא גֶעלָאזְט׃
41 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
פוּן בֶּעפָאר דִיא סַנְהֶדְרִין, אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ גֶעפְרֵייט דָאס זֵייא זֶענֶען וֶוערְט
גֶעוֶועזֶען פֶערְשֶׁעמְט צוּ וֶוערֶען דוּרְךְ
זֵיין נָאמֶען׃
42 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט
צוּ לֶעהְרֶען אוּנְד מְבַשֵּׂר צוּ זֵיין יֵשׁוּעַ
דֶעם מָשִׁיחַ, אַלֶע טָאג אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ
אוּנְד פוּן הויז צוּ הויז׃

## קאפיטעל ו

1 אוּנְד אִין דִיזֶע טֶעג וֶוען דִיא תַּלְמִידִים
הָאבֶּען זִיךְ גֶעמֶעהְרְט, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא
גְרִיכֶען גֶעמוּרְמֶעלְט קֶעגֶען דִיא עִבְרִיִּים,
ווייל זֵיירֶע אַלְמָנוֹת וַוארֶען פֶערְגֶעסֶען
אִין דֶעם טֶעגְלִיכֶען דִינְסְט׃
2 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא צְוֶועלְף צוּזַאמֶען
גֶערוּפֶען אַלֶע תַּלְמִידִים אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נִיט רֶעכְט מִיר זָאלֶען
פֶערְלָאזֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט, אוּנְד
זָאלֶען דִינֶען בֵּייא דִיא טִישֶׁען׃
3 דָארוּם בְּרִידֶער, זוּכְט אוֹיס צְווִישֶׁען
אֵייךְ זִיבֶּען בֶּעגְלֵייבְּטֶע מֶענֶער וָואס
זֶענֶען פוּל מִיט רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּנְד מִיט
חָכְמָה, וֶועלְכֶע מִיר זָאלֶען זֶעצֶען אִיבֶּער
דִיזֶען דִינְסְט׃
4 אוּנְד מִיר וֶועלֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג עוֹסֵק
זֵיין אִים גֶעבֶּעט אוּנְד אִין דֶער עֲבוֹדָה
פוּן דֶעם וָוארְט׃
5 אוּנְד דִיזֶע רֵייד אִין דֶער גַאנְצֶען
מֶענְגֶע גֶעפַאלֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אוֹיסְדֶערְוֶוויילְט סְטֶעפַאנוֹס, אֵיין מַאן
פוּל מִיט גְלוֹיבֶּען אוּנְד מִיט דֶעם רוּחַ


הקודש

הַקוֹדֶשׁ, אוּנְד פִּילִיפּוּס, אוּנְד פְּרוֹכוֹרוּס, אוּנְד נִקָנוֹר, אוּנְד טִימוֹן, אוּנְד פַּארְמְנָס, אוּנְד נִיקוֹלַאס, אֵיין גֵר פוּן אַנְטִיוֹכְיָא׃

6 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר דִיא אַפָּאסְטֶעלְס אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אוּנְד הָאבֶּען דִיא הֶענְד אוֹיף זֵייא גֶעלֵייגְט׃

7 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט הָאט זִיךְ גֶעמֶעהְרְט, אוּנְד דִיא צָאל פוּן דִיא תַּלְמִידִים וַואר זֶעהְר גְרוֹיס אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד פִילֶע פוּן דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען דֶעם גְלוֹיבֶּען צוּגֶעהָארְכְט

8 אוּנְד סְטֶעפַאנוּס פוּל מִיט גְלוֹיבֶּען אוּנְד גְבוּרָה, הָאט גֶעטְהוּן גְרוֹיסֶע וְואוּנְדֶער אוּנְד צֵייכֶען צְוִוישֶׁען דֶעם פָאלְק׃

9 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דֶער שׁוּל זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, וָואס וַואר גֶערוּפֶען דִיא שׁוּל פוּן דִיא לִיבֶּערְטִינֶער, אוּנְד לֵייט פוּן קוּרֶענִי אוּנְד אַלֶכְּסַנְדְרִיָא, אוּנְד פוּן קִילִיקִיָא אוּנְד אַזְיָא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיין וַויכּוּחַ גֶעהַאט מִיט סְטֶעפַאנוּס׃

10 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט וִוידֶערְשְׁטֵיין דִיא חָכְמָה אוּנְד דֶעם גֵייסְט מִיט וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶערֶעט׃

11 דֶערְנָאךְ הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעשְׁטֶעלְט מֶענֶער וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט רֶעדֶען לֶעסְטֶערִיגֶע רֵייד קֶעגֶען מֹשֶׁה אוּנְד קֶעגֶען גָאט׃

12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶעצְט דָאס פָאלְק, אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע, אוּנְד דִיא סוֹפְרִים. אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען מִיט גֶעוַואלְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ דִיא סַנְהֶדְרִין׃

13 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט פַאלְשֶׁע עֵדוּת וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶער מַאן הֶערְט נִיט אוֹיף צוּ רֶעדֶען לֶעסְטֶערִיגֶע רֵייד קֶעגֶען דִיזֶען הֵיילִיגֶען אָרְט אוּנְד קֶעגֶען דֶער תּוֹרָה׃

14 וָוארִין מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט זָאגֶען, אַז דִיזֶער יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי וֶועט דִיזֶען אָרְט צֶערְשְׁטֶערֶען, אוּנְד וֶועט עֶנְדֶערֶען דִיא מִנְהָגִים וָואס מֹשֶׁה הָאט אוּנְס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען׃

15 אוּנְד אַלֶע וָואס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִין דִיא סַנְהֶדְרִין הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם גֶעקוּקְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זֵיין פָּנִים אַזוֹי וִויא דָאס פָּנִים פוּן אֵיין מַלְאָךְ׃

## קאפּיטעל ז

1 אוּנְד דֶער כֹּהֵן הַגָּדוֹל הָאט גֶעזָאגְט, אִיז עֶס דֶען אַזוֹי?

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר בְּרִידֶער אוּנְד פֶעטֶער, הֶערְט צוּ! דֶער גָאט פוּן הֶערְלִיכְקֵייט הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען צוּ אוּנְזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם, וֶוען עֶר וַואר אִין אֲרַם נַהֲרַיִם, אֵיידֶער עֶר הָאט גֶעווָאוֹינְט אִין חָרָן׃

3 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא אַוֶועק פוּן דֵיין לַאנְד אוּנְד פוּן דֵיין גֶעבּוּרְטְס־אָרְט, אוּנְד קוּם צוּ דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ וֶועל דִיר וַוייזֶען׃

4 אַזוֹי אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם לַאנְד פוּן כַּשְׂדִים אוּנְד הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין חָרָן. אוּנְד נָאךְ דֶעם וִויא זֵיין פָאטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען הָאט עֶר אִיהְם פוּן דָארְטֶען אַרִיבֶּערְגֶעבְּרַאכְט אִין דִיזֶען לַאנְד אַרֵיין וְוא אִיהְר אַצוּנְד וְואוֹינְט׃

5 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם דְרִינֶען קֵיינֶע עֶרְבְשַׁאפְט נִיט גֶעגֶעבֶּען, נִיט אַמָאל

וָואו זַיין פוּס צוּ שְׁטֶעלֶען. אָבֶּער עֶר הָאט אִיהְם דָאס צוּגֶעזָאגְט צוּ גֶעבֶּען פַאר זַיין אֵייגֶענטְהוּם, אוּנְד צוּ זַיין זָאמֶען נָאךְ אִיהְם, וֶוען עֶר הָאט נָאךְ קַיין קִינְד נִיט גֶעהַאט:

6 אוּנְד גָאט הָאט אַזוֹי גֶעזָאגְט, אַז זַיין זָאמֶען וֶועט זַיין אֵיין גֵר אִין אֵיין פְרֶעמְד לַאנְד, אוּנְד זַייא וֶועלֶען אִיהְם מַאכֶען דִינֶען, אוּנְד וֶועלֶען אִיהְם אִיבֶּעל טְהוּן פִיר הוּנְדֶערְט יָאהְר:

7 אוּנְד דָאס פָאלְק וָואס זַייא וֶועלֶען דִינֶען וֶועל אִיךְ רִיכְטֶען, זָאגְט גָאט. אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶועלֶען זַייא אַרוֹיסְגֵיין אוּנְד וֶועלֶען מִיר דִינֶען אִין דִיזֶען אָרְט:

8 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען דֶעם בְּרִית פוּן מִילָה. אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר גֶעוְואוּנֶען יִצְחָק, אוּנְד הָאט אִיהְם מַל גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם אַכְטֶען טָאג. אוּנְד יִצְחָק הָאט גֶעוְואוּנֶען יַעֲקֹב, אוּנְד יַעֲקֹב דִיא צְוֶועלְף הוֹיפְּט־פֶּעטֶער:

9 אוּנְד דִיא הוֹיפְּט־פֶּעטֶער הָאבֶּען יוֹסֵף מְקַנֵא גֶעוֶועזֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם פֶערְקוֹיפְט נָאךְ מִצְרַיִם, אָבֶּער גָאט וַואר מִיט אִיהְם:

10 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן אַלֶע זַיינֶע צָרוֹת. אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען גֶענָאד אוּנְד ווייזְהֵייט בְּעפָאר פַּרְעֹה דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט פַאר אֵיין הֶערְשֶׁער אִיבֶּער מִצְרַיִם אוּנְד אִיבֶּער זַיין גַאנְצֶעם הוֹיז:

11 אוּנְד אֵיין הוּנְגֶער אִיז גֶעקוּמֶען אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד מִצְרַיִם אוּנְד כְּנַעַן, אוּנְד אֵיינֶע גְרוֹיסֶע צָרָה, אוּנְד אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען קַיין שְׁפֵּייז:

12 אוּנְד וֶוען יַעֲקֹב הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶס וַואר קָארְן אִין מִצְרַיִם, אַזוֹי הָאט עֶר צוּעֶרְשְׁט אַרוֹיס גֶעשִׁיקְט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת:

13 אוּנְד צוּם אַנְדֶערֶן מָאל וַואר יוֹסֵף דֶערְקֶענְט צוּ זַיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן יוֹסֵף אִיז בֶּעקֶענְט גֶעוָוארֶען צוּ פַּרְעֹה:

14 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאט גֶערוּפֶען זַיין פָּאטֶער יַעֲקֹב אוּנְד זַיינֶע גַאנְצֶע מִשְׁפָּחָה, פִינְף אוּנְד זִיבְּצִיג נְפָשׁוֹת:

15 אוּנְד יַעֲקֹב אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען נָאךְ מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד אוּנְזֶערֶע אָבוֹת:

16 אוּנְד זַייא וַוארֶען אַרִיבֶּערְגֶעבְּרַאכְט נָאךְ שְׁכֶם, אוּנְד וַוארֶען אִין דֶעם קֶבֶר אַרֵיינְגֶעלֶעגְט וָואס אַבְרָהָם הָאט גֶעקוֹיפְט פַאר גֶעלְט פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן חֲמוֹר, דֶער פָּאטֶער פוּן שְׁכֶם:

17 אָבֶּער דִיא צֵייט פוּן דֶער הַבְטָחָה אִיז נָאהְנט גֶעקוּמֶען, וָואס גָאט הָאט גֶעשְׁוְואוֹירֶען צוּ אַבְרָהָם, אַזוֹי הָאט דָאס פָאלְק גֶעוַואקְסֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעמֶעהְרְט אִין מִצְרַיִם:

18 בִּיז אֵיין אַנְדֶערֶער קֶענִיג אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען וָואס הָאט נִיט גֶעקֶענְט יוֹסֵף:

19 דִיזֶער הָאט זִיךְ גֶעקְלִיגְט קֶעגֶען אוּנְזֶער גֶעשְׁלֶעכְט, אוּנְד הָאט אִיבֶּעל גֶעטְהוּן צוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, אוּנְד הָאט גֶעהֵייסֶען אַרוֹיסְוַוארְפֶען זֵייעֶרֶע יוּנְגֶע קִינְדֶער אַז זַייא זָאלֶען נִיט לֶעבֶּען:

30 אִין דִיזֶער צֵייט אִיז מֹשֶׁה גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר וַואר זֶעהְר שֵׁיין. אוּנְד עֶר וַואר דֶערְנֶערְט דְרֵייא חֳדָשִׁים אִין זַיין פָּאטֶערס הוֹיז:

21 אוּנְד וֶוען עֶר וַואר אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען,

אַזוי הָאט אִיהְם דִיא טָאכְטֶער פוּן פַּרְעה צוּגֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם דֶערְצוֹיגֶען פַאר אִיהְר אֵייגֶענֶעם זוּהְן׃

22 אוּנְד מֹשֶׁה וַואר גֶעלֶערְנְט אִין אַלֶע חָכְמוֹת פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד וַואר מֶעכְטִיג אִין רֵייד אוּנְד אִין וֶוערְק׃

23 אוּנד וֶוען עֶר אִיז פִירְצִיג יָאהְר אַלְט גֶעוָוארֶען, אִיז אִיהְם אִין הַארְץ אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אַז עֶר זָאל בֶּעזוּכֶען זֵיינֶע בְּרִידֶער דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃

24 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אֵיינֶעם אוּמְרֶעכְט לֵיידֶען, אַזוי הָאט עֶר אִיהְם גֶעהָאלְפֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ נוֹקֵם גֶעוֶועזֶען פַאר דֶעם וָואס הָאט גֶעלִיטֶען, אוּנְד הָאט דֶעם מִצְרִי דֶערְשְׁלָאגֶען׃

25 אוּנְד עֶר הָאט גֶעדַאכְט אַז זֵיינֶע בְּרִידֶער וֶועלֶען פֶערְשְׁטֵיין אַז גָאט וֶועט זֵייא גֶעבֶּען אֵיינֶע הִילְף דוּרְךְ זֵיינֶע הַאנְד. אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען עֶס נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען׃

26 אוּנְד אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אִיז עֶר ווִידֶער צוּ זֵייא אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעצַאנְקְט, אַזוי הָאט עֶר זֵייא גֶעבֶּעטֶען אַז זֵייא זָאלֶען שָׁלוֹם מַאכֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לִיבֶּע לֵייט, אִיהְר זֶענְט דָאךְ בְּרִידֶער. וָוארוּם טְהוּט אִיהְר אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אוּמְרֶעכְט?

27 אָבֶּער דֶער וָואס הָאט זֵיין חָבֵר אוּמְרֶעכְט גֶעטְהוּן הָאט אִיהְם אַוֶועקְגֶעטְרִיבֶּען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט דִיךְ גֶעמַאכְט פַאר אַיין הַאר אוּנְד אַיין רִיכְטֶער אִיבֶּער אוּנְס?

28 ווִילְסְט דוּא מִיךְ אוּמְבְּרֶענְגֶען, אַזוי וִויא דוּא הָאסְט גֶעטֶען דֶעם מִצְרִי אוּמְגֶעבְּרַאכְט?

29 אַזוי אִיז מֹשֶׁה עֶנְטְלָאפֶען אִיבֶּער דִיזֶע רֵייד, אוּנְד עֶר וַואר אַיין פְּרֶעמְדֶער אִין דֶעם לַאנְד מִדְיָן, אוּנְד הָאט דָארְטֶען גֶעוְואוּנֶען צְווֵייא זִיהְן׃

30 אוּנְד וֶוען פִירְצִיג יָאהְר וַוארֶען דֶערְפִילְט, אַזוי הָאט זִיךְ אַיין מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר גָאט צוּ אִיהְם בֶּעווִיזֶען אִין דֶער מִדְבָּר, אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי, אִין אַיין פְלַאם פוּן פֵייעֶר אִין דֶעם דָארְנְבּוּשׁ׃

31 אוּנְד וִויא מֹשֶׁה הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער דֶעם גֶעזִיכְט, אוּנְד וֶוען עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ זֶעהֶען, אַזוי אִיז אַיין קוֹל פוּן דֶעם הַאר גָאט צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען׃

32 אִיךְ בִּין דֶער גָאט פוּן דֵיינֶע אָבוֹת, דֶער גָאט פוּן אַבְרָהָם, אוּנְד דֶער גָאט פוּן יִצְחָק, אוּנְד דֶער גָאט פוּן יַעֲקֹב. אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעצִיטֶערְט, אוּנְד הָאט זִיךְ מוֹרָא גֶעהַאט עֶסאָנְצוּזֶעהֶען׃

33 אַזוי הָאט דֶער הַאר גָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, טְהוּא אוֹיס דִיא שִׁיךְ פוּן דֵיינֶע פִּיס, וָוארִין דֶער אָרְט וָואס דוּא שְׁטֵייסְט דַארוֹיף אִיז הֵיילִיגֶער גְרוּנְד׃

34 אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעזֶעהֶען דָאס לֵיידֶען פוּן מֵיין פָאלְק, וָואס אִיז אִין מִצְרַיִם, אוּנְד הָאבּ גֶעהֶערְט זֵייעֶר זִיפְצֶען, אוּנְד אִיךְ בִּין אַרוּפּ גֶעקוּמֶען זֵייא אוֹיסְצוּלֵייזֶען. אוּנְד אַצוּנְד קוּם, אִיךְ וֶועל דִיךְ שִׁיקֶען נָאךְ מִצְרַיִם׃

35 דִיזֶען מֹשֶׁה וָואס זֵייא הָאבֶּען פֶערְלֵייקֶענְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט דִיךְ גֶעמַאכְט פַאר אַיין הַאר אוּנְד אַיין רִיכְטֶער? דִיזֶען הָאט גָאט גֶעשִׁיקְט פַאר אַיין הַאר אוּנְד אַיין דֶערְלֵייזֶער, דוּרְךְ דֶעם מַלְאָךְ וָואס הָאט

זיך

זִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעווִיזֶען אִין דֶעם דָארְנְבּוּשׁ :

36 דִיזֶער הָאט זֵייא אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד הָאט גֶעטְהוּן וְואוּנְדֶער אוּנְד צֵייכֶען אִים לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד בֵּיים יַם סוּף, אוּנְד אִין דֶער מִדְבָּר פִירְצִיג יָאהְר :

37 דָאס אִיז דֶער מֹשֶׁה וָואס הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, דֶער הַאר, אֵייעֶר גָאט, וֶועט אֵייךְ אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אֵיין נָבִיא פוּן צְווִישֶׁען אֵיירֶע בְּרִידֶער, גְלֵייךְ ווִיא מִיךְ, אִיהְם זָאלְט אִיהְר גֶעהָארְכֶען :

38 דָאס אִיז דֶער הַאר וָואס וַואר אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע אִין דֶער מִדְבָּר, מִיט דֶעם מַלְאָךְ וָואס הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעדט אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי, אוּנְד מִיט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, אוּנְד עֶר הָאט עֶנְטְפַאנְגֶען דִיא רֵייד פוּן לֶעבֶען, עֶר זָאל זֵייא אוּנְס גֶעבֶען :

39 וֶועלְכֶען אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאבֶען נִיט גֶעוָואלְט גֶעהָארְכֶען, נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶען אִיהְם פֶערְוָוארְפֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶען צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט אִין זֵייעֶר הַארְץ קֵיין מִצְרַיִם :

40 אוּנְד זֵייא הָאבֶען גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן, מַאךְ אוּנְס גֶעטֶער וָואס זָאלֶען פָאר אוּנְס גֵיין. וָוארִין דִיזֶער מֹשֶׁה וָואס הָאט אוּנְס אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, ווִיסֶען מִיר נִיט וָואס אִיז צוּ אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען :

41 אוּנְד זֵייא הָאבֶען גֶעמַאכְט אֵיין עֵגֶל אִין דִיזֶע טֶעג, אוּנְד הָאבֶען אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אֵיין קָרְבָּן צוּם אָפְּגָאט, אוּנְד הָאבֶען זִיךְ גֶעפְרֵייט אִין דִיא וֶוערְק פוּן זֵיינֶע הֶענְד :

42 אוּנְד גָאט הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד הָאט זֵייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶען צוּ דִינֶען דִיא הֶערְשַׁארֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אַזוֹי ווִיא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִים בּוּךְ פוּן דִיא נְבִיאִים, אִיהְר הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל, הָאט אִיהְר צוּ מִיר מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען זְבָחִים אוּנְד מְנָחוֹת אִין דֶער מִדְבָּר פִירְצִיג יָאהְר ?

43 יוֹא, אִיהְר הָאט אוֹיפְגֶענוּמֶען דָאס גֶעצֶעלְט פוּן מוֹלֶךְ, אוּנְד דֶעם שְׁטֶערְן פוּן אֵייעֶר גָאט רֶעמְפַאן, דִיא בִּילְדֶער וָואס אִיהְר הָאט גֶעמַאכְט אִיהְר זָאלְט אֵייךְ צוּ זֵייא בִּיקֶען. אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ פֶערְטְרֵייבֶען צוּ יֶענֶער זֵייט בָּבֶל :

44 אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאבֶען גֶעהַאט דָאס מִשְׁכַּן הָעֵדוּת אִין דֶער מִדְבָּר, אַזוֹי ווִיא דֶער הַאר הָאט בֶּעפוֹילֶען וָואס הָאט גֶערֶעדט צוּ מֹשֶׁה, אַז עֶר זָאל עֶס מַאכֶען נָאךְ דֶער גֶעשְׁטַאלְט וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען :

45 אוּנְד אוּנְזֶערֶע אָבוֹת וָואס הָאבֶען עֶס מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען, הָאבֶען עֶס מִיט יְהוֹשֻׁעַ אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין דֶער עֶרְבְּשַׁאפְט פוּן דִיא גוֹיִם, וֶועלְכֶע גָאט הָאט אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פַאר אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, בִּיז צוּ דֶער צֵייט פוּן דָוִד :

46 וָואס הָאט גֶעפוּנֶען גְנָאד פַאר גָאט, אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל גֶעפִינֶען אֵיין גֶעצֶעלְט פַאר דֶעם גָאט פוּן יַעֲקֹב :

47 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט אִיהְם גֶעבּוֹיעֶט אֵיין הוֹיז :

48 אָבֶּער דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וְואוֹינְט נִיט אִין טֶעמְפֶּעלְס וָואס זֶענֶען גֶעמַאכְט מִיט הֶענְד, אַזוֹי ווִיא דֶער נָבִיא הָאט גֶעזָאגְט :

49 דֶער הִימֶעל אִיז מֵיין שְׁטוּהל, אוּנְד דִיא עֶרְד מֵיינֶע פוּסְבַּאנְק. וְואוּ אִיז דָאס הוֹיז וָואס אִיהְר ווִילְט מִיר בּוֹיעֶן ?

זָאגְט דֶער הַאר גָאט. אוּנְד וְואוּ אִיז דֶער אָרְט פוּן מֵיינֶע רוּה ?

50 הָאט נִיט מֵיינֶע הַאנְד דָאס אַלֶעס גֶעמַאכְט ?

51 אִיהְר הַארְטנֶעקִיגֶע אוּנְד אוּמְבֶּעשְׁנִיטֶענֶע אִין הַארְץ אוּנְד אוֹירֶען, אִיהְר ווִידֶערְשְׁטֵייט תָּמִיד דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אַזוֹי ווִיא אֵייעֶרע אָבוֹת, אַזוֹי אוֹיךְ אִיהְר :

52 וֶועלְכֶען פוּן דִיא נְבִיאִים הָאבֶּען אֵייעֶרע אָבוֹת נִיט פֶערְפָאלְגְט ? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוּמְגֶעבְּרַאכְט דִיא וָואס הָאבֶּען נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט אוֹיף דֶעם קוּמֶען פוּן דֶעם צַדִיק, צוּ וֶועלְכֶען אִיהְר זֶענְט אַצוּנְד גֶעוָוארֶען זֵיינֶע פֶערְרֶעטֶער אוּנְד מֶערְדֶער :

53 וָואס אִיהְר הָאט עֶנְטפַאנְגֶען דִיא תּוֹרָה דוּרְךְ דִיא פֶערְמִיטְלֶערְשַׁאפְט פוּן מַלְאָכִים, אוּנְד אִיהְר הָאט זִיא נִיט גֶעהַאלְטֶען :

54 אוּנְד ווִיא זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ זֵייעֶר דֶערְצֶערְנְט, אוּנְד הָאבֶּען קֶעגֶען אִיהְם מִיט דִיא צֵיין גֶעקְרִיצְט :

55 אוּנְד עֶר וַואר דֶערְפִילְט מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּנְד הָאט אַרוֹיפְגֶעזֶעהֶען קֶעגֶען הִימֶעל, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט, אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן גָאט :

56 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַצוּנְד זֶעה אִיךְ דֶעם הִימֶעל אָפֶען, אוּנְד דֶעם בֶּן־אָדָם שְׁטֵיין צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן גָאט :

57 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אֵיין הוֹיךְ קוֹל, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ דִיא אוֹירֶען צוּגֶעהַאלְטֶען, אוּנְד זֶענֶען מִיט אַמָאל אִיבֶּער אִיהְם גֶעפַאלֶען :

58 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיס דֶער שְׁטָאט אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁטֵיינִיגְט. אוּנְד דִיא עֵדוּת הָאבֶּען זֵיינֶע קְלֵיידֶער גֶעלֵייגְט פַאר דִיא פִּים פוּן אֵיין יוּנְגֶען מַאן, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען שָׁאוּל :

59 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען סְטֶעפַאנוּס פַארְשְׁטֵיינְט, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען אוּנְד גֶעזָאנְט, הַאר יֵשׁוּעַ, עֶנְטפַאנְג מֵיין גֵייסְט :

60 אוּנְד עֶר הָאט אַנִידֶערְגֶעקְנִיעֶט אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אֵיין הוֹיךְ קוֹל, הַאר, רֶעכֶען זֵייא נִיט דִיזֶע זִינְד. אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אִיז עֶר אַנְטשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען :

קאפיטעל ח

1 אוּנְד שָׁאוּל הָאט אוֹיךְ מַסְכִּים גֶעוֶועזֶען צוּ זֵיין טוֹיט. אוּנְד עֶס וַואר אִין דִיזֶער צֵייט אֵיינֶע גְרוֹיסֶע פֶערְפָאלְגוּנְג קֶעגֶען דֶער גֶעמֵיינְדֶע וָואס וַואר אִין יְרוּשָׁלַיִם. אוּנְד זֵייא וַוארֶען אַלֶע צוּשְׁפְּרֵייט אִין דִיא לֶענְדֶער פוּן יְהוּדָה אוּנְד שׁוֹמְרוֹן, חוּץ דִיא אַפָּאסְטֶעלְם :

2 אוּנְד פְרוּמֶע לֵייט הָאבֶּען סְטֶעפַאנוּס מְקַבֵּר גֶעוֶועזֶען, אוּנְד הָאבֶּען אֵיין גְרוֹיסֶען הֶסְפֵּד אִיבֶּער אִיהְם גֶעמַאכְט :

3 אוּנְד שָׁאוּל הָאט דִיא גֶעמֵיינְדֶע צוּשְׁטֶערְט, אוּנְד אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא הֵייזֶער אוּנְד הָאט גֶעשְׁלֶעפְּט מֶענֶער אוּנְד ווֵייבֶּער אוּנְד הָאט זֵייא אִין דֶער תְּפִיסָה אֵיינְגֶעזֶעצְט :

4 אוּנְד דִיא וָואס וַוארֶען צוּשְׁפְּרֵייט זֶענֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס וָוארְט :

5 אוּנְד פִילִיפּוּס אִיז אַרוּפְגֶעקוּמֶען צוּ דֶער שְׁטָאט שׁוֹמְרוֹן, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעפְּרֶעדִיגְט פוּן מָשִׁיחַ :

6 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאבֶּען אַלֶע גוּט צוּגֶעהֶערְט צוּ דֶעם וָואס פִילִיפּוּס הָאט גֶערֶעט, וָוייל זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אוּנְד גֶעזֶעהֶען דִיא וְואוּנְדֶער וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן :

7 וָוארִין אוּמְרֵיינֶע רוּחוֹת זֶענֶען אַרוֹיס פוּן פִּילֶע, אוּנְד הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אֵיין הוֹיךְ קוֹל. אוּנְד פִּילֶע גִיכְט־בְּרִיכִיגֶע אוּנְד קְרוּמֶע זֶענֶען גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען :

8 אוּנְד עֶס וַואר אֵיינֶע גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה אִין דִיזֶער שְׁטָאט :

9 אוּנְד אֵיין מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען שִׁמְעוֹן, אִיז פְּרִיעֶר גֶעוֶועזֶען אֵיין צוֹיבֶּערֶער אִין דִיזֶער שְׁטָאט, אוּנְד הָאט בֶּעצוֹיבֶּערְט דָאס פָאלְק פוּן שׁוֹמְרוֹן, אוּנְד הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען פַאר אֵיין גְרוֹיסֶען מַאן :

10 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אַלֶע צוּגֶעהָארְכְט פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז דִיא גְבוּרָה פוּן גָאט :

11 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם צוּגֶעהֶערְט, וָוייל עֶר הָאט זַייא אֵיינֶע לַאנְגֶע צֵייט בֶּעצוֹיבֶּערְט מִיט כִּישׁוּף :

12 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעגְלֵייבְּט פִילִיפּוּס וֶוען עֶר הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט פוּן דֶעם קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט אוּנְד פוּן דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אַזוֹי זֶענֶען זַייא גֶעטוֹיפְט גֶעוָוארֶען, מֶענֶער אוּנְד וַוייבֶּער :

13 אוּנְד שִׁמְעוֹן זֶעלְבְּסְט הָאט אוֹיךְ גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד אִיז גֶעטוֹיפְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר וַואר בֶּעשְׁטֶענְדִיג מִיט פִילִיפּוּס. אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא גְרוֹיסֶע צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער וָואס וַוארֶען גֶעשֶׁעהֶען, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט :

14 אוּנְד וֶוען דִיא אַפָּאסְטֶעלְן וָואס וַוארֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז שׁוֹמְרוֹן הָאט אָנְגֶענוּמֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא צוּ זַייא גֶעשִׁיקְט פֶּעטְרוּס אוּנְד יוֹחָנָן :

15 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען אַרוּפְּגֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא פַאר זַייא גֶעבֶּעטֶען, אַז זַייא זָאלֶען עֶנְטְפַאנְגֶען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ :

16 (וָוארִין עֶר וַואר נָאךְ נִיט גֶעפַאלֶען אוֹיף קֵיינֶעם פוּן זַייא, אוּנְד זַייא וַוארֶען נָאר גֶעטוֹיפְט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ) :

17 דֶערְנָאךְ הָאבֶּען זַייא דִיא הֶענְד אוֹיף זַייא גֶעלֵייגְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶנְטְפַאנְגֶען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ :

18 אוּנְד וִויא שִׁמְעוֹן הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וַואר גֶעגֶעבֶּען וֶוען דִיא אַפָּאסְטֶעלְן הָאבֶּען דִיא הֶענְד אוֹיף זַייא גֶעלֵייגְט, אַזוֹי הָאט עֶר זַייא אָנְגֶעבָּאטֶען גֶעלְד :

19 אוּנְד גֶעזָאגְט, גִיבְּט מִיר אוֹיךְ דִיזֶע מַאכְט, אַז אוֹיף וֶועמֶען אִיךְ וֶועל דִיא הֶענְד לֵייגֶען זָאל עֶר עֶנְטְפַאנְגֶען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ :

20 אָבֶּער פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לָאז דֵיין גֶעלְד מִיט דִיר פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען, וַוייל דוּא הָאסְט גֶעדֶענְקְט אַז דִיא גָאבּ פוּן גָאט קֶען פַאר גֶעלְד גֶעקוֹיפְט וֶוערֶען :

21 דוּא הָאסְט נִיט קֵיין טֵייל אוּנְד קֵיין גוֹרָל אִין דִיזֶער זַאךְ, וָוארִין דֵיין הַארְץ אִיז נִיט אוֹיפְרִיכְטִיג צוּ פַאר גָאט :

22 דָארוּם טְהוּא תְּשׁוּבָה פַאר דִיזֶער בּוֹיזְהֵייט, אוּנְד בֶּעט צוּ גָאט, טָאמֶער



וועט

װעט דיר דיא מַחֲשָׁבָה פוּן דֵיין הַארְץ פֶערְגֶעבֶּען װֶערֶען :

23 װָארִין אִיךְ זֶעה אַז דוּא בִּיסְט אִין דֶער גַאל פוּן בִּיטֶערְנִיס אוּנְד אִין דֶעם בּוּנְד פוּן אוּמְרֶעכְט :

24 אוּנְד שִׁמְעוֹן הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, בֶּעט אִיהְר צוּם הַאר פַאר מִיר, אַז עֶס זָאל אוֹיף מִיר נִיט קוּמֶען קֵיינְס פוּן דִיא זַאכֶען װָאס אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט :

25 אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען בֶּעצֵייגְט אוּנְד הָאבֶּען גֶערֶעט דָאס װָארְט פוּן דֶעם הַאר, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין פִילֶע דֶערְפֶער פוּן שׁוֹמְרוֹן :

26 אוּנְד אֵיין מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ פִילִיפּוּס אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד גֵייא קֶעגֶען דָרוֹם זֵייט, צוּ דֶעם װֶעג װָאס גֵייט אַרוּפּ פוּן יְרוּשָׁלַיִם קֵיין עַזָה, װָאס אִיז אֵיינֶע װִיסְטֶענֵייא :

27 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען. אוּנְד דָא װַאר אֵיין מַאן פוּן כּוּשׁ, אֵיין סָרִיס, װָאס װַאר אֵיין גֶעװֶעלְטִיגֶער בֵּייא קַאנְדַאקֶה דִיא מַלְכָּה פוּן כּוּשׁ, װָאס װַאר גֶעזֶעצְט אִיבֶּער אַלֶע אִיהְרֶע אוֹצָרוֹת ; אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אָנְצוּבֶּעטֶען :

28 אוּנְד עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעקֶעהרְט, אוּנְד אִיז גֶעזֶעסֶען אִין זֵיין װָאגֶען אוּנְד הָאט גֶעלֵיינְט אוֹיס יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא :

29 אוּנְד דֶער רוּחַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ פִילִיפּוּס, גֵייא צוּ, אוּנְד בֶּעהֶעפְט דִיךְ צוּ דִיזֶען װָאגֶען :

30 אוּנְד פִילִיפּוּס אִיז צוּגֶעלָאפֶען אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעהֶערְט לֵיינֶען אוֹיס יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא ; אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶע־זָאגְט, פֶערְשְׁטֵייסְט דוּא װָאס דוּא לֵיינְסְט ?

31 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, װִיא אַזוֹי קֶען אִיךְ, אוֹיסְגֶענוּמֶען אִימֶעצֶער װֶעט מִיךְ בֶּעלֶעהְרֶען ? אוּנְד עֶר הָאט גֶע־בֶּעטֶען פִילִיפּוּס אַז עֶר זָאל אוֹיפְשְׁטֵייגֶען אוּנְד זָאל מִיט אִיהְם זִיצֶען :

32 אוּנְד דָאס װַאר דֶער אָרְט אִין דֶער שְׁרִיפְט װָאס עֶר הָאט גֶעלֵיינְט, „עֶר װַאר גֶעפִירְט װִיא אֵיין שָׁאף צוּם שֶׁעכְטֶען, אוּנְד אַזוֹי װִיא אֵיין לַאם אִיז שְׁטוּם פַאר זֵיין שֶׁערֶער, אַזוֹי הָאט עֶר זֵיין מוֹיל נִיט אוֹיפְגֶעמַאכְט :

33 אִין זֵיינֶע נִידְרִיגְקֵייט װַאר זֵיין גֶערִיכְט אַװֶעקְגֶענוּמֶען, אוּנְד װֶער קֶען דֶערְצֵיילֶען זֵיין גֶעשְׁלֶעכְט ? װָארִין זֵיין לֶעבֶּען װַאר פוּן דֶער װֶעלְט אַװֶעקְ־גֶענוּמֶען" :

34 אוּנְד דֶער סָרִיס הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט צוּ פִילִיפּוּס אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, פוּן װֶעמֶען רֶעט דָאס דֶער נָבִיא ? פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אָדֶער פוּן אֵיין אַנְדֶערְן ?

35 אוּנְד פִילִיפּוּס הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט זֵיין מוֹיל אוּנְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פוּן דִיזֶער שְׁרִיפְט, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעפְּרֶעדִיגְט פוּן יֵשׁוּעַ :

36 אוּנְד װִיא זֵייא זֶענֶען גֶעפָארֶען אוֹיף דֶעם װֶעג, זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען צוּ אֵיין װַאסֶער. אוּנְד דֶער סָרִיס הָאט גֶע־זָאגְט, זֶעה, דָא אִיז װַאסֶער, װָאס הִינְ־דֶערְט מִיךְ גֶעטוֹיפְט צוּ װֶערֶען ?

37 אוּנְד פִילִיפּוּס הָאט גֶעזָאגְט, װֶען דוּא גְלוֹיבְּסְט מִיט דֵיין גַאנְצֶען הַארְץ, אִיז עֶס דִיר דֶערְלוֹיבְּט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ גְלוֹיב אַז יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז דֶער זוּהְן פוּן גָאט :

38 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען דֶען וָואגֶען שְׁטֵיין בְּלֵייבֶּען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען בֵּיידֶע אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם וַואסֶער אַרֵיין, פִּילִיפּוּס אוּנְד דֶער סָרִיס, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעטוֹיפְט׃

39 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם וַואסֶער, אַזוֹי הָאט דֶער רוּחַ פוּן דֶעם הַאר גָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען פִּילִיפּוּס, אוּנְד דֶער סָרִיס הָאט אִיהְם נִיט מֶעהְר גֶעזֶעהֶען. אוּנְד עֶר אִיז זֵיין וֶועג אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייט׃

40 אוּנְד פִּילִיפּוּס וַואר גֶעפוּנֶען אִין אַשְׁדוֹד, אוּנְד עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין אַלֶע שְׁטֶעט בִּיז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין קֵסַרְיָא׃

קאפיטעל ט

1 אוּנְד שָׁאוּל הָאט נָאךְ אוֹיסְגֶעלָאזְט גֶעשְׁרֵייעֶן אוּנְד רְצִיחָה קֶעגֶען דִיא תַּלְמִידִים פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּם כֹּהֵן הַגָּדוֹל׃

2 אוּנְד עֶר הָאט פוּן אִיהְם פֶערְלַאנְגְט בְּרִיף קֵיין דַמֶשֶׂק צוּ דִיא שׁוּלֶען, דָאס וֶוען עֶר וֶועט עֶטְלִיכֶע גֶעפִינֶען וָואס גֵייעֶן נָאךְ דִיזֶען וֶועג, עֶס מֶעג זֵיין מֶענֶער אָדֶער וֵוייבֶּער, אַזוֹי זָאל עֶר זֵייא בְּרֶענְגֶען גֶעבּוּנְדֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם׃

3 אוּנְד וַויא עֶר אִיז גֶעפָארֶען, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען נָאהְנְט צוּ דַמֶשֶׂק, אַזוֹי הָאט פְּלוּצְלִינְג אֵיין לִיכְט פוּן הִימֶעל אַרוּם אִיהְם גֶעשַׁיינְט׃

4 אוּנְד עֶר אִיז צוּ דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט גֶעהֶערְט אֵיין קוֹל וָואס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שָׁאוּל, שָׁאוּל, וַוארוּם פֶערְפָאלְגְסְט דוּא מִיךְ?

5 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער בִּיסְט דוּא, הַאר? אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין יֵשׁוּעַ וֶועלְכֶען דוּא פֶערְפָאלְגְסְט. עֶס אִיז שְׁוֶוער פַאר דִיר צוּ שְׁטוֹיסֶען קֶעגֶען דִיא שְׁטַאכְיל׃

6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעצִיטֶערְט אוּנְד וַואר דֶערשְׁרָאקֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, וָואס ווִילְסְט דוּא אַז אִיךְ זָאל טְהוּן? אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד גֵייא אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיין, אוּנְד עֶס וֶועט דִיר גֶעזָאגְט וֶוערֶען וָואס דוּא מוּסְט טְהוּן׃

7 אוּנְד דִיא לֵייט וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעפָארֶען זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פֶערְשְׁטוּמְט, אוּנְד הָאבֶּען דָאס קוֹל גֶעהֶערְט, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען קֵיינֶעם נִיט גֶעזֶעהֶען׃

8 אוּנְד שָׁאוּל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דֶער עֶרְד. אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דִיא אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט, אַזוֹי הָאט עֶר קֵיינֶעם נִיט גֶעזֶעהֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפִירְט בֵּייא דֶער הַאנְד אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְרַאכְט קֵיין דַמֶשֶׂק׃

9 אוּנְד עֶר וַואר דְרֵייא טֶעג נִיט זֶעהֶענְדִיג. אוּנְד הָאט נִיט גֶעגֶעסֶען אוּנְד נִיט גֶעטְרִינְקֶען׃

10 אוּנְד דָא וַואר אֵיין תַּלְמִיד אִין דַמֶשֶׂק וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען חֲנַנְיָה, אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט אִים גֶעזִיכְט. חֲנַנְיָה. אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הִיר בִּין אִיךְ, הַאר׃

11 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד גֵייא צוּ דֶער גַאס וָואס הֵייסְט דִיא גְלֵייכֶע גַאס, אוּנְד פְרֶעג אִין דֶעם הוֹיז פוּן יְהוּדָה פַאר אֵיין מַאן וָואס הֵייסְט שָׁאוּל פוּן תַּרְשִׁישׁ. וָוארִין עֶר בֶּעטֶעט אַצוּנְד׃

12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אִין אֵיין

גְעזִיכְט אַז אֵיין מַאן װָאס הֵייסְט חֲנַנְיָה אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט דִיא הַאנְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֵייגְט, אַז עֶר זָאל זֶעהֶענְדִיג װֶערֶען:

13 אוּנְד חֲנַנְיָה הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, הַאר, אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן פִיל לֵייט װֶעגֶען דִיזֶען מַאן, װָאס פַאר אֵיין בֵּייז עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ דֵיינֶע צַדִיקִים אִין יְרוּשָׁלַיִם:

14 אוּנְד הִיעֶר הָאט עֶר מַאכְט פוּן דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים צוּ בִּינְדֶען אַלֶע װָאס רוּפֶען אָן דֵיין נָאמֶען:

15 אָבֶּער דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא אַהִין? װָארִין עֶר אִיז אֵיין אוֹיסְדֶערְװֵיילְטֶע כְּלִי צוּ מִיר, אַז עֶר זָאל טְרָאגֶען מֵיין נָאמֶען צוּ פַאר דִיא גוֹיִם, אוּנְד מְלָכִים, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:

16 װָארִין אִיךְ װֶעל אִיהְם װֵייזֶען װִיא פִילֶע זַאכֶען עֶר מוּז לֵיידֶען פוּן מֵיין נָאמֶען װֶעגֶען:

17 אוּנְד חֲנַנְיָה אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז אַרֵיין, אוּנְד הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֵייגְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, בְּרוּדֶער שָׁאוּל, דֶער הַאר יֵשׁוּעַ, װָאס הָאט זִיךְ צוּ דִיר בֶּעװִיזֶען אִין דֶעם װֶעג װָאס דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען, הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט אַז דוּא זָאלְסְט זֶעהֶענְדִיג װֶערֶען, אוּנְד זָאלְסְט דֶערְפִילְט װֶערֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:

18 אוּנְד עֶס זֶענֶען בַּאלְד פוּן זֵיינֶע אוֹיגֶען אַרוּפְּגֶעפַאלֶען גְלֵייךְ װִיא שׁוּפֶּען, אוּנְד עֶר אִיז בַּאלְד זֶעהֶענְדִיג גֶעװָארֶען, אוּנְד אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז גֶעטוֹיפְט גֶעװָארֶען:

19 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען צוּ עֶסֶען, אוּנְד װַאר גֶעשְׁטַארְקְט. אוּנְד שָׁאוּל װַאר עֶטְלִיכֶע טֶעג מִיט דִיא תַּלְמִידִים װָאס זֶענֶען גֶעװֶעזֶען אִין דַמֶשֶׂק:

20 אוּנְד עֶר הָאט בַּאלְד גֶעפְּרֶעדִיגְט יֵשׁוּעַ אִין דִיא שׁוּלֶען, אַז עֶר אִיז דֶער זוּהְן פוּן גָאט:

21 אוּנְד אַלֶע װָאס הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט הָאבֶּען זִיךְ פֶערְװָאוּנְדֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיז דָאס נִיט דֶער װָאס הָאט פַארְשְׁטֶערְט אִין יְרוּשָׁלַיִם דִיא װָאס הָאבֶּען אָנְגֶערוּפֶען דִיזֶען נָאמֶען, אוּנְד אִיז פוּן דֶעסְטְװֶעגֶען אַהֶער גֶעקוּמֶען, אַז עֶר זָאל זֵייא בְּרֶענְגֶען גֶעבּוּנְדֶען צוּ דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים?

22 אָבֶּער שָׁאוּל הָאט זִיךְ נָאךְ מֶעהְר גֶעשְׁטַארְקְט, אוּנְד הָאט בֵּייאֶנְגֶעקוּמֶען דִיא יוּדֶען װָאס הָאבֶּען גֶעװָאוּנְט אִין דַמֶשֶׂק, אוּנְד הָאט בֶּעװִיזֶען אַז דָאס אִיז דֶער מָשִׁיחַ:

23 אוּנְד װֶען פִילֶע טֶעג זֶענֶען פַארְבֵּייגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען דִיא יוּדֶען אֵיינֶע עֵצָה גֶעהַאלְטֶען זֵייא זָאלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען:

24 אָבֶּער זֵיירֶע עֵצָה װַאר אָנְגֶעזָאגְט גֶעװָארֶען צוּ שָׁאוּל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעװַאכְט דִיא טוֹירֶען טָאג אוּנְד נַאכְט אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען:

25 אָבֶּער דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען בֵּייא דֶער נַאכְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַרוּפְּגֶעלָאזְט פוּן דֶער מוֹיעֶר אִין אֵיין קָארְבּ:

26 אוּנְד שָׁאוּל אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעװָאלְט בֶּעהֶעפְטֶען צוּ דִיא תַּלְמִידִים. אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע פַאר אִיהְם גֶעפָארְכְטֶען, אוּנְד הָאבֶּען נִיט גֶעגְלֵייבְּט אַז עֶר אִיז אֵיין תַּלְמִיד:

27 אַזוי הָאט אִיהְם בַּר־נַבָּא אָנְגֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ דִיא אַפָּאסְטֶעלְס, אוּנְד הָאט זֵייא דֶערְצֵיילְט וִויא עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם הַאר אִים וֶועג, אוּנְד אַז עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט, אוּנְד וִויא עֶר הָאט אִין דַמֶּשֶׂק פְרֵייא גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ:

28 אוּנְד עֶר אִיז מִיט זֵייא אֵיין אוּנְד אויסְגֶעגַאנְגֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ:

29 אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט אוּנְד הָאט אֵיין וִיכּוּחַ גֶעהַאט מִיט דִיא גְרִיכִישֶׁע יוּדֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוּנְטֶערְגֶענוּמֶען זֵייא זָאלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען:

30 וִויא דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס גֶעוָואר גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען זֵייא אִיהְם אַרוּפְּגֶעבְּרַאכְט קֵיין קֵסַרְיָא, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט קֵיין תַּרְשִׁישׁ:

31 אוּנְד אַזוי הָאבֶּען דִיא גֶעמֵיינְדֶען פְרִידֶען גֶעהַאט אִין גַאנְץ יְהוּדָה אוּנְד אִין גָלִיל אוּנְד שׁוֹמְרוֹן אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבֶּעסֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעוַואנְדֶעלְט אִין דֶער פוּרְכְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אִין דֶעם טְרֵייסְט פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעמֶעהְרְט:

32 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען פֶּטְרוֹס אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין אַלֶע עֶרְטֶער, אַזוי אִיז עֶר אוֹיךְ אַרוּפְּגֶעקוּמֶען צוּ דִיא הֵיילִיגֶע וָואס הָאבֶּען גֶעוואוֹינְט אִין לוּד:

33 אוּנְד עֶר הָאט דָארְטֶען גֶעפוּנֶען אֵיין מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען אֲנֵיַס, וָואס וַואר אֵיין גִיכְטבְּרִיכִיגֶער, אוּנְד אִיז שׁוֹין גֶעלֶעגֶען אַכְט יָאהְר אוֹיף דֶעם בֶּעט:

34 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אֲנֵיַס! יֵשׁוּעַ דֶער מָשִׁיחַ מַאכְט דִיךְ גֶעזוּנְד, שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד מַאךְ דֵיין בֶּעט צוּ רֶעכְט. אַזוי אִיז עֶר בַּאלְד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען:

35 אוּנְד אַלֶע וָואס הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט אִין לוּד אוּנְד אִין שָׁרוֹן הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ וִוידֶערְגֶעקֶעהְרְט צוּם הַאר:

36 אוּנְד דָא וַואר אִין יָפוֹ אֵיינֶע תַּלְמִידָה וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען טָבִיתָא, (וָואס הֵייסְט דָרְכַּם). אוּנְד זִיא וַואר פוּל מִיט מַעֲשִׂים טוֹבִים, אוּנְד זִיא הָאט פִיל צְדָקָה גֶעגֶעבֶּען:

37 אוּנְד עֶס וַואר צוּ דִיזֶער צֵייט אַזוי וַואר זִיא קְרַאנְק אוּנְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיא גֶעוַואשֶׁען, אוּנְד הָאבֶּען זִיא אוֹיף דֶעם בוֹידֶעם גֶעלֵייגְט:

38 אוּנְד וֵוייל לוּד אִיז נָאהְנְט צוּ יָפוֹ, אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז פֶּעטְרוּס אִיז דָארְט, אַזוי הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט צְוֵויא מֶענֶער, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל זִיךְ נִיט זוֹימֶען צוּ זֵייא צוּ קוּמֶען:

39 אוּנְד פֶּעטְרוּס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז מִיט זֵייא גֶעגַאנְגֶען. אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען הָאבֶּען זֵייא אִיהְם אַרוֹיפְגֶעפִיהְרְט אוֹיף דֶעם בוֹידֶעם אוּנְד אַלֶע אַלְמָנוֹת זֶענֶען בֵּייא אִיהְר גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעוֵויינְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעוִויזֶען דִיא רֶעק אוּנְד דִיא קְלֵיידֶער וָואס דָרְכַּם הָאט גֶעמַאכְט וֶוען זִיא וַואר בֵּייא זֵייא:

40 אָבֶּער פֶּעטְרוּס הָאט אַלֶע אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאט אַנִידֶער גְעקְנִיעֶט אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט צוּם מֵת, אוּנְד הָאט

גֶעזָאגְט, טָבִיתָא, שְׁטֵייא אויף! אוּנְד זִיא הָאט דִיא אויגֶען אויפְגֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט פֶּעטְרוּס גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ אויפְגֶעזֶעצְט:

41 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְר דִיא הַאנְד גֶעגֶעבֶּען אוּנְד הָאט זִיא אויפְגֶעשְׁטֶעלְט; אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען דִיא הֵיילִיגֶע אוּנְד דִיא אַלְמָנוֹת אוּנְד הָאט זִיא פַאר זֵייא אַנִידֶער גֶעשְׁטֶעלְט לֶעבֶּעדִיג:

42 אוּנְד דָאס וַואר צוּ ווִיסֶען גֶעטְהוּן אִין גַאנְץ יָפוֹ. אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען גֶע־גְלוֹיבְּט אִין דֶעם הַאר:

43 אוּנְד עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אֵיינֶע לַאנְגֶע צֵייט אִין יָפוֹ בֵּייא אֵיינֶעם שִׁמְעוֹן אֵיין גַארְבֶּער:

קאפיטעל י

1 אוּנְד דָא וַואר אֵיין מַאן אִין קֵסַרְיָא וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען קָרְנֶעלִיוּס, אֵיין אויבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶעם חַיִל וָואס וַואר גֶערוּפֶען דִיא אִיטַאלְיֶענִישֶׁע מַחֲנָה:

2 דִיזֶער וַואר פְרוּם אוּנְד גָאטְס־פָארְכְטִיג מִיט זֵיין גַאנְצֶען הויזְגֶעזִינְד, אוּנְד הָאט פִיל צְדָקָה גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא לֵייט, אוּנְד הָאט תָּמִיד גֶעבֶּעטֶען צוּ גָאט:

3 אוּנְד הָאט בְּפֵירוּשׁ גֶעזֶעהֶען אִין אֵיין גֶעזִיכְט אוּם דֶער נֵיינְטֶער שָׁעָה פוּן טָאג, אַז אֵיין מַלְאָךְ פוּן גָאט אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, קָרְנֶעלִיוּס!

4 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אָנְגֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאט זִיךְ דֶערשְׁרָאקֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וָואס ווִילְסְט דוּא, הַאר? אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דֵיינֶע תְּפִלּוֹת אוּנְד דֵיינֶע צְדָקָה אִיז אויפְ־גֶעגַאנְגֶען פַאר אֵיין גֶעדֶעכְטְנִיס פַאר גָאט:

5 אוּנְד אַצוּנְד שִׁיק לֵייט קֵיין יָפוֹ, אוּנְד רוּף שִׁמְעוֹן, וָואס הֵייסְט פֶּעטְרוּס:

5 עֶר שְׁטֵייט אִין בֵּייא אֵיינֶעם שִׁמְעוֹן דֶעם גַארְבֶּער, וָואס הָאט אֵיין הויז בֵּיים יָם. עֶר וֶועט דִיר זָאגֶען וָואס דוּא זָאלְסְט טְהוּן:

7 אוּנְד וֶוען דֶער מַלְאָךְ וָואס הָאט גֶערֶעט צוּ קָרְנֶעלִיוּס אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְ־גֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶערוּפֶען צְווֵייא פוּן זֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד אֵיין פְרוּמֶען זֶעלְנֶער פוּן דִיא וָואס וַוארֶען מִיט אִיהְם:

8 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַלֶעס דֶערְ־צֵיילְט, אוּנְד הָאט זֵייא גֶעשִׁיקְט קֵיין יָפוֹ:

9 אוּנְד צוּ מָארְגֶען, וֶוען זֵייא וַוארֶען אויף דֶעם וֶועג, אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאהְנְט צוּ דֶער שְׁטָאט, אַזוֹי אִיז פֶּעטְרוּס אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אויף דֶעם בּוֹידֶעם מִתְפַּלֵּל צוּ זַיין, אוּם דֶער זֶעקְסטֶער שָׁעָה:

10 אוּנְד עֶר וַואר זֵייעֶר הוּנְגְרִיג, אוּנְד הָאט גֶעוָואלְט עֶפֶּעס עֶסֶען. אוּנְד ווייל זֵייא הָאבֶּען עֶס אָנְגֶעגְרֵייט אַזוֹי אִיז עֶר עֶנְטְצִיקְט גֶעוָוארֶען:

11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם הִימֶעל אָפֶען, אוּנְד עֶס אִיז צוּ אִיהְם אַרוּפְּגֶעקוּמֶען אֵיין גֶעפֶּעס אַזוֹי ווִיא אֵיין גְרוֹיס לֵיילֶעךְ, צוּגֶעבּוּנְדֶען בֵּייא דִיא פִיעֶר עֶקֶען, אוּנְד עֶס וַואר אויף דֶער עֶרְד אַרוּפְּגֶעלָאזְט:

12 אוּנְד עֶס וַוארֶען דְרִינֶען אַלֶערְלֵייא פִיר־פִיסִיגֶע חַיּוֹת פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד ווִילְדֶע חַיּוֹת, אוּנְד גֶעוֶוערְם, אוּנְד פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל:

13 אוּנְד אֵיין קוֹל אִיז צוּ אִיהְם גֶע־קוּמֶען, שְׁטֵייא אויף פֶּעטְרוּס, שֶׁעכְט אוּנְד עֶס:

14 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט גֶעזָאגְט, נִיט אַזוֹי, הַאר, וָוארִין אִיךְ הָאבּ קֵיינְמָאל נִיט גֶעגֶעסֶען וָואס אִיז אוּמְהֵיילִיג אָדֶער אוּמְרֵיין:

15 אוּנְד דָא וַואר וִוידֶער דָאס צְוֵוייטֶע מָאל אֵיין קוֹל צוּ אִיהְם, דָאס וָואס גָאט הָאט גֶערֵיינִיגְט, מַאךְ דוּא נִיט אוּמְהֵיילִוג:

16 אוּנְד דָאס וַואר גֶעשֶׁעהֶען דְרֵייא מָאל. אוּנְד דָאס גֶעפֶּעס וַואר וִוידֶער אַרוֹיפְגֶענוּמֶען אִין הִימֶעל אַרֵיין:

17 אוּנְד וֶוען פֶּעטְרוּס הָאט אִין זִיךְ גֶעטְרַאכְט וָואס דָאס גֶעזִיכְט בֶּעטֵייט וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא לֵייט וָואס וַוארֶען גֶעשִׁיקְט פוּן קָרְנֶעלִיוּס אָנְגֶעפְרֶעגְט צוּם הוֹיז פוּן שִׁמְעוֹן, אוּנְד זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶער טִיר:

18 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוּפֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעפְרֶעגְט אוֹיבּ שִׁמְעוֹן, וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען פֶּעטְרוּס, שְׁטֵייט דָארְ־טֶען אֵיין:

19 אוּנְד וֶוען פֶּעטְרוּס הָאט זִיךְ בֶּעְ־דַאכְט וֶועגֶען דֶעם גֶעזִיכְט, אַזוֹי הָאט דֶער רוּחַ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דָא זֶענֶען דְרֵייא מֶענֶער וָואס זוּכֶען דִיךְ:

20 דָארוּם שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד קוּם אַרוּפּ אוּנְד גֵייא מִיט זֵייא, אוּנְד צְוֵוייפֶעל נִיט, וָוארִין אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעשִׁיקְט:

21 אוּנְד פֶּעטְרוּס אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען צוּ דִיא לֵייט וָואס וַוארֶען צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט פוּן קָרְנֶעלִיוּס, אוּנְד הָאט גֶעְ־זָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער וֶועמֶען אִיהְר זוּכְט. וֶועגֶען וָואס זֶענְט אִיהְר גֶעקוּמֶען?

22 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, קָרְנֶעלִיוּס, דֶער הוֹיפְּטמַאן, אֵיין גֶערֶעכְטֶער מַאן, אוּנְד אֵיין גָאטְספוּרְכְטִיגֶער, אוּנְד וָואס הָאט אֵיין גוּטֶען שֵׁם בֵּיים גַאנְצֶען יוּדִישֶׁען פָאלְק, וַואר גֶעוָוארְענְט פוּן גָאט דוּרְךְ אֵיין הֵיילִיגֶען מַלְאָךְ אַז עֶר זָאל נָאךְ דִיר שִׁיקֶען אִין זֵיין הוֹיז אַרֵיין, אוּנְד זָאל הֶערֶען דֵיינֶע רֵייד:

23 אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא אַרֵיינְגֶערוּפֶען אוּנְד הָאט זֵייא מַכְנִים אוֹרֵחַ גֶעוֶועזֶען; אוּנְד צוּ מָארְגֶען אִיז פֶּעטְרוּס מִיט זֵייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען. אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא בְּרִידֶער וָואס וַוארֶען פוּן יָפוֹ זֶענֶען מִיט זֵייא גֶעגַאנְגֶען:

24 אוּנְד צוּ מָארְגֶען זֶענֶען זֵייא אַרֵיינְ־גֶעקוּמֶען קֵיין קֵסַרְיָא. אוּנְד קָרְנֶעלִיוּס הָאט אוֹיף זֵייא גֶעוַוארְט, אוּנְד הָאט צוּזַאמֶען גֶערוּפֶען זֵיינֶע קְרוֹבִים אוּנְד פְרֵיינְד:

25 אוּנְד וִויא פֶּעטְרוּס אִיז אַרֵיינְגֶעְ־קוּמֶען, אַזוֹי אִיז אִיהְם קָרְנֶעלִיוּס עֶנְטְ־קֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז אִיהְם צוּ דִיא פִּיס גֶעפַאלֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט:

26 אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט אִיהְם אוֹיפְ־גֶעהוֹיבֶּען אוּנְד גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אוֹיף, אִיךְ זֶעלְבְּסְט בִּין אוֹיךְ נָאר אֵיין מֶענְשׁ:

27 אוּנְד עֶר הָאט מִיט אִיהְם גֶערֶעט אוּנְד אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט גֶעפוּנֶען פִילֶע וָואס זֶענֶען זִיךְ צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען:

28 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר וֵוייסְט אַז עֶס אִיז נִיט דֶערְלוֹיבְּט אֵיין יוּדִישֶׁען מַאן אַז עֶר זָאל זִיךְ בֶּעְ־הֶעפְטֶען אָדֶער קוּמֶען צוּ אֵיינֶעם פוּן אֵיין פְרֶעמְדֶען, אָבֶּער גָאט הָאט מִיר גֶעוִויזֶען אַז אִיךְ זָאל קֵיין מֶענְשׁ נִיט רוּפֶען אוּמְהֵיילִיג אָדֶער אוּמְרֵיין:

29 דָארוּם הָאבּ אִיךְ מִיךְ נִיט

פֶערְמִיטֶען, אוּנְד בִּין גֶעקוּמֶען וֶוען אִיהְר הָאט נָאךְ מִיר גֶעשִׁיקְט. אַצוּנְד פְֿרֶעג אִיךְ צוּ וָואס אִיהְר הָאט נָאךְ מִיר גֶעשִׁיקְט ?

30 אוּנְד קָרְנֶעלִיוּס הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ פַאסְט שוֹין פוּן פִיר טֶעג בִּיז צוּ דִיזֶער שָׁעָה, אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ אִין דֶער נֵיינְטֶער שָׁעָה מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזֶען אִין מֵיין הויז, אַזוֹי אִיז אֵיין מַאן פַאר מִיר גֶעשְׁטַאנֶען אִין אֵיין שֵׁיינֶענְדִיג קְלֵייד :

31 אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, קָרְנֶעלִיוּס, דֵיין גֶעבֶּעט אִיז דֶערְהֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דֵיינֶע צְדָקָה וַואר גֶערֶעדֶענְקְט צוּ פַאר גָאט :

32 דְרוּם שִׁיק קֵיין יָפוֹ, אוּנְד רוּף שִׁמְעוֹן, וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען פֶּעטְרוּס; עֶר שְׁטֵייט אֵיין אִין דֶעם הויז פוּן שִׁמְעוֹן דֶעם גַארְבֶּער בֵּיים יַם. אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען וֶועט עֶר צוּ דִיר רֶעדֶען :

33 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ בַּאלְד צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט, אוּנְד דוּא הָאסְט רֶעכְט גֶעטְהוּן וָואס דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען. אוּנְד אַצוּנְד זֶענֶען מִיר אַלֶע דָא צוּ פַאר גָאט, צוּ הֶערֶען אַלֶעס וָואס אִיז דִיר בֶּעפוֹילֶען פוּן גָאט :

34 אַזוֹי הָאט פֶּעטְרוּס אוֹיפְגֶעמַאכְט זֵיין מוֹיל אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ זֶעה אִין דֶער וָואהְרְהֵייט אַז גָאט אִיז נִיט קֵיין נוֹשֵׂא פָּנִים :

35 נֵייעֶרְט אִין אִיטְלִיכֶען פָאלְק דֶער וָואס פָארְכְט זִיךְ פַאר אִיהְם אוּנְד טְהוּט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אִיז בֵּייא אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען :

36 אִיהְר וֵוייסְט וְואוֹיל דָאס וָוארְט וָואס גָאט הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, וֶוען עֶר הָאט מְבַשֵׂר גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, (עֶר אִיז הַאר פוּן אַלֶעס) :

37 דָאס וָוארְט וָואס וַואר אִין יְהוּדָה, אוּנְד הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין גָלִיל, נָאךְ דֶער טְבִילָה וָואס יוֹחָנָן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט :

38 וְויא גָאט הָאט גֶעזַאלְבְּט יֵשׁוּעַ הַנָצְרִי מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּנְד מִיט מַאכְט, אוּנְד עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גוּטֶעס גֶעטְהוּן, אוּנְד הָאט גֶעהֵיילְט אַלֶע וָואס דֶער שָׂטָן הָאט אִיבֶּער זֵייא גֶעוֶועלְטִיגְט. וָוארִין גָאט וַואר מִיט אִיהְם :

39 אוּנְד מִיר זֶענֶען עֵדוּת אוֹיף אַלֶע זַאכֶען וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן אִין דֶעם יוּדִישֶׁען לַאנְד, אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם, וֶועלְכֶען זֵייא הָאבֶּען אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעהָאנְגֶען אוֹיף אֵיין הָאלְץ :

40 דִיזֶען הָאט גָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט דֶעם דְרִיטֶען טָאג, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעלָאזְט עֶנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען :

41 נִיט צוּם גַאנְצֶען פָאלְק, נֵייעֶרְט צוּ עֵדוּת וָואס וַוארֶען פְּרִיעֶר פוּן גָאט אוֹיסְדֶערְוֵויילְט, צוּ אוּנְס, וָואס מִיר הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען נָאכְדֶעם וְויא עֶר אִיז פוּן טוֹיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען :

42 אוּנְד עֶר הָאט אוּנְס בֶּעפוֹילֶען צוּ דֶעם פָאלְק, אוּנְד צוּ בֶּעצֵייגֶען אַז דָאס אִיז דֶער וָואס וַואר פוּן גָאט גֶעזֶעצְט פַאר אֵיין רִיכְטֶער פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע אוּנְד דִיא טוֹיטֶע :

43 אוֹיף אִיהְם זָאגֶען אַלֶע נְבִיאִים עֵדוּת, אַז אִיטְלִיכֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם וֶועט דוּרְךְ זֵיין נָאמֶען עֶנְטְפַאנְגֶען פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְדֶען :

44 אוּנְד װײל פֶּעטְרוּס הָאט נָאךְ גערֶעט דִיזֶע רֵייד, אַזוֹי אִיז דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ גֶעפַאלֶען אויף אַלֶע וָואס הָאבֶּען דָאס וָוארְט גֶעהֶערְט:

45 אוּנְד דִיא גְלוֹיבִּיגֶע פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען מִיט פֶּעטְרוּס הָאבֶּען זִיךְ פֶּערְוָואוּנְדֶערְט, װײל דִיא גָאבּ פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וַואר אויף דִיא גוֹיִם אויךְ אויסְגֶעגָאסֶען:

46 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט רֶעדֶען לְשׁוֹנוֹת, אוּנְד גָאט דֶערְהֵייבֶּען:

47 אַזוֹי הָאט פֶּעטְרוּס גֶעעֶנְטְפֶערְט, קֶען אִימֶעצֶער פֶערְבִּיטֶען דָאס וַואסֶער, אַז דִיזֶע זָאלֶען נִיט גֶעטוֹיפְט וֶוערֶען, וָואס הָאבֶּען עֶנְטפַאנְגֶען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אַזוֹי גוּט וִויא מִיר?

48 אוּנְד עֶר הָאט בֶּעפוֹילֶען אַז זֵייא זָאלֶען גֶעטוֹיפְט וֶוערֶען אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר. דֶערְנָאךְ הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל עֶטְלִיכֶע טֶעג בֵּייא זֵייא בְּלֵייבֶּען:

## קאפּיטעל יא

1 אוּנְד דִיא אַפָּאסְטֶעלְס אוּנְד דִיא בְּרִידֶער וָואס וַוארֶען אִין יְהוּדָה הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז דִיא גוֹיִם הָאבֶּען אויךְ אָנְגֶענוּמֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט:

2 אוּנְד וֶוען פֶּעטְרוּס אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא בֶּעשְׁנִיטֶענֶע מִיט אִיהְם גֶעקְרִיגְט:

3 אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאט, דוּא בִּיסְט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא לֵייט וָואס זֶענֶען עֲרֵלִים, אוּנְד הָאסְט מִיט זֵייא גֶעגֶעסֶען:

4 אַזוֹי הָאט פֶּעטְרוֹס אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד הָאט זֵייא דֶערְצֵיילְט אִין אָרְדֶענוּנְג אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט:

5 אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אִין דֶער שְׁטָאט יָפוֹ אוּנְד הָאבּ גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיין גֶעזִיכְט אִין אֵיינֶע עֶנְטְצִיקוּנְג, אַז אֵיין גֶעפֶעס אִיז אַרוּפְגֶעקוּמֶען אַזוֹי וִויא אֵיין גְרוֹיס לֵיילֶעךְ, אוּנְד עֶס וַואר אַרוּפְגֶעלָאזְט פוּן הִימֶעל בֵּייא פִיר עֶקֶען, אוּנְד אִיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען:

6 אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ דְרוֹיף גֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאבּ עֶס בֶּעטְרַאכְט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען פִירְפִיסִיגֶע חַיוֹת פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד וִוילְדֶע חַיוֹת, אוּנְד גֶעוֶוערְם, אוּנְד דִיא פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל:

7 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אֵיין קוֹל וָואס הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, פֶּעטְרוּס, שְׁטֵייא אויף, שֶׁעכְט אוּנְד עֶס:

8 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, נִיט אַזוֹי, הַאר, וָוארִין גָאר נִיט וָואס אִיז אוּמְהֵיילִיג אוּנְד אוּמְרֵיין אִיז קֵיינְמָאל נִיט אִין מֵיין מוֹיל אַרֵיינְגֶעקוּמֶען:

9 אָבֶּער דָאס קוֹל הָאט מִיר דָאס צְוֵוייטֶע מָאל גֶעעֶנְטְפֶערְט פוּן הִימֶעל, וָואס גָאט הָאט גֶערֵיינִיגְט, מַאךְ דוּא נִיט אוּמְהֵיילִיג:

10 אוּנְד דָאס וַואר גֶעשֶׁעהֶען דְרֵייא מָאל. אוּנְד אַלֶעס וַואר וִוידֶער אַרוֹיפְגֶעצוֹיגֶען אִין הִימֶעל אַרֵיין:

11 אוּנְד בַּאלְד דְרוֹיף זֶענֶען דְרֵייא לֵייט גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶעם הוֹיז וְואוּ אִיךְ וַואר, וָואס וַוארֶען צוּ מִיר גֶעשִׁיקְט:

12 אוּנְד דֶער רוּחַ הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז אִיךְ זָאל מִיט זֵייא גֵיין אוּנְד זָאל נִיט צְווייפֶלֶען. אוּנְד דִיזֶע זֶעקְס בְּרִידֶער זֶענֶען אויךְ מִיט מִיר גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד מִיר זֶענֶען אִין דֶעם מַאנְס הוֹיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען:

13 אוּנְד עֶר הָאט אוּנְס דֶערְצֵיילְט וִויא עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז אֵיין מַלְאָךְ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין זֵיין הוֹיז אוּנְד הָאט



צוּ

צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שִׁיק מֶענֶער קֵיין יָפוֹ, אוּנְד רוּף שִׁמְעוֹן וָואס וֶוערְט גֶע־רוּפֶען פֶּעטְרוּס:

14 אוּנְד עֶר וֶועט דִיר זָאגֶען רֵייד, דוּרְךְ וֶועלְכֶע דוּא אוּנְד דֵיין גַאנְץ הויזְגֶעזִינְד וֶועלֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען:

15 אוּנְד וִויא אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעדֶען, אִיז דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוֹיף זֵייא גֶעפַאלֶען, אַזוֹי וִויא אוֹיף אוּנְס אִים אָנְפַאנְג:

16 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעדֶענְקְט אָן דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, וִויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יוֹחָנָן הָאט גֶעטוֹיפְט מִיט וַואסֶער, אָבֶּער אִיהְר וֶועט גֶעטוֹיפְט וֶוערֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:

17 דְרוּם וֶוען גָאט הָאט זֵייא אֵיינְגֶע גְלֵייכֶע גָאבּ גֶעגֶעבֶּען מִיט אוּנְס וָואס הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אָן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וֶוער בִּין אִיךְ אַז אִיךְ זָאל קֶענֶען גָאט פַארְוֶוערֶען:

18 אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶע־הֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא שְׁטִיל גֶע־שְׁוִויגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גָאט גֶעלוֹיבְּט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט גָאט צוּ דִיא גוֹיִם אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען תְּשׁוּבָה צוּם לֶעבֶּען:

19 אוּנְד דִיא וָואס וַוארֶען צוּשְׁפְּרֵייט דוּרְךְ דֶער פֶּערְפָאלְגוּנְג וָואס אִיז גֶע־שֶׁעהֶען קֶעגֶען סְטֶעפַאנוּס, זֶענֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען בִּיז קֵיין פִינוּקְיָא אוּנְד קַפְּרוֹס אוּנְד אַנְטְיוֹכְיָא, אוּנְד הָאבֶּען דָאס וָוארְט צוּ קֵיינֶעם נִיט גֶעפְּרֶעדִיגְט, נֵייעֶרְט צוּ דִיא יוּדֶען אַלֵיין:

20 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא וַוארֶען מֶענֶער פוּן קַפְּרוֹס אוּנְד קוּרִינִי, וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין אַנְטְיוֹכְיָא, אוּנְד הָאבֶּען גֶערֶעט מִיט דִיא גְרִיכִישֶׁע לֵייט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ:

21 אוּנְד דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר וַואר מִיט זֵייא, אוּנְד אֵיינֶע גְרוֹיסֶע צָאל הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט צוּם הַאר:

22 אוּנְד דִיא גֶעמֵיינְדֶע וָואס וַואר אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען גֶעהֶערְט דִיזֶען שֵׁם פוּן זֵייא. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשִׁיקְט בַּר־נַבָּא עֶר זָאל גֵיין בִּיז קֵיין אַנְטְיוֹכְיָא:

23 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא גְנָאד פוּן גָאט, הָאט עֶר זִיךְ גֶעפְרֵייט; אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַלֶע גֶעבֶּעטֶען אַז זֵייא זָאלֶען בְּלֵייבֶּען בֵּייא דֶעם הַאר מִיט אֵיין פֶעסְטֶען הַאֶרְץ:

24 וָוארִין עֶר וַואר אֵיין גוּטֶער מַאן, אוּנְד פוּל מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּנְד מִיט גְלוֹיבֶּען:

25 אוּנְד בַּר־נַבָּא אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין תַּרְשִׁישׁ, עֶר זָאל שָׁאוּל אוֹיפְזוּכֶען:

26 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אִיהְם גֶעפוּנֶען הָאט עֶר אִיהְם גֶעבְּרַאכְט קֵיין אַנְטְיוֹכְיָא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַ גַאנְץ יָאהְר פֶערְזַאמֶעלְט מִיט דֶער גֶעמֵיינְדֶע, אוּנְד הָאבֶּען גֶעלֶעהְרְט אֵיין גְרוֹיס פָאלְק. אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים וַוארֶען צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶערוּפֶען קְרִיסְטֶען אִין אַנְטְיוֹכְיָא:

27 אוּנְד אִין דִיזֶע טֶעג זֶענֶען נְבִיאִים אַרוּפְגֶעקוּמֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם קֵיין אַנְטְיוֹכְיָא:

28 אוּנְד אֵיינֶער פוּן זֵייא, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען, אַגָבּוּס, אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט אַז עֶס וֶועט זֵיין גְרוֹיס הוּנְגֶער אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אַזוֹי וִויא עֶס וַואר אִין דֶער צֵייט פוּן דֶעם קֵייזֶער קְלוֹדִיוּס:

29 אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא תַּלְמִידִים פָּארגֶענוּמֶען, אַז זֵייא זָאלֶען שִׁיקֶען אִיטְלִיכֶער נָאךְ זֵיין פֶערְמֶעגֶען אֵיינֶע הִילְף צוּ דִיא בְּרִידֶער, וָואס הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט אִין יְהוּדָה׃

30 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ אַזוֹי גֶע־טְהוּן, אוּנְד הָאבֶּען עֶס גֶעשִׁיקְט צוּ דִיא זְקֵנִים דוּרְךְ בַּר־נַבָּא אוּנְד שָׁאוּל׃

## קאפיטעל יב

1 אִין דִיזֶער צֵייט הָאט הוֹרְדוֹס הַמֶלֶךְ דִיא הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט עֶר זָאל שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן צוּ עֶטְלִיכֶע פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע׃

2 אוּנְד עֶר הָאט אוּמְגֶעבְּרַאכְט יַעֲקֹב, דֶעם בְּרוּדֶער פוּן יוֹחָנָן, מִיט דֶעם שְׁוֶוערְט׃

3 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דָאס אִיז דִיא יוּדֶען גֶעפָאלֶען, אַזוֹי הָאט עֶר פֶּעטְרוּס אוֹיךְ גֶענוּמֶען. אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא טֶעג פוּן פֶּסַח׃

4 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען, הָאט עֶר אִיהְם אִין גֶעפֶענְקְנִים אֵיינְ־גֶעזֶעצְט, אוּנְד הָאט אִיהְם אִיבֶּערְגֶע־גֶעבֶּען צוּ פִיר קְוַוארְטַאל זֶעלְנֶער, זֵייא זָאלֶען אִיהְם הִיטֶען, אוּנְד הָאט גֶעדַאכְט עֶר זָאל אִיהְם נָאךְ פֶּסַח פַאר דֶעם פָאלְק פָארְשְׁטֶעלֶען׃

5 אַזוֹי וַואר פֶּעטְרוּס גֶעהַאלְטֶען אִים גֶעפֶענְקְנִים, אוּנְד דִיא גֶעמֵיינְדֶע הָאט אָהְן אוֹיפְהֶער פַאר אִיהְם צוּ גָאט גֶע־בֶּעטֶען׃

6 אוּנְד וֶוען הוֹרְדוֹס הָאט אִיהְם גֶע־וָואלְט אַרוֹיסְפִיהְרֶען, אַזוֹי הָאט פֶּעטְרוּס אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער נַאכְט גֶעשְׁלָאפֶען צְוִוישֶׁען צְוֵוייא זֶעלְנֶער, גֶעבּוּנְדֶען מִיט צְוֵוייא קֵייטֶען. אוּנְד דִיא וַואךְ הָאט גֶעהִיט דָאס גֶעפֶענְקְנִים בֵּייא דֶער טִיר׃

7 אוּנְד אַצוּנְד אִיז אֵיין מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר גָאט צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד אֵיין לִיכְט הָאט גֶעשֵׁיינְט אִים גֶע־פֶענְקְנִים. אוּנְד עֶר הָאט פֶּעטְרוּס גֶע־שְׁלָאגֶען אָן דֶער זֵייט, אוּנְד הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא גֶעשְׁוִוינְד אוֹיף. אוּנְד דִיא קֵייטֶען זֶענֶען פוּן זֵיינֶע הֶענְד אַרוּפְּגֶעפַאלֶען׃

8 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גַארְטֶעל דִיךְ אַרוּם, אוּנְד טְהוּא אָן דֵיינֶע שִׁיךְ, אוּנְד עֶר הָאט אַזוֹי גֶע־טְהוּן. אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶע־זָאגְט, טְהוּא אָן דֵיין מַאנְטֶעל, אוּנְד פָאלְג מִיר נָאךְ׃

9 אַזוֹי אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט; אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט אַז דָאס אִיז אִין אֶמֶת'ן גֶעשֶׁעהֶען דוּרְךְ דֶעם מַלְאָךְ, נֵייעֶרְט עֶר הָאט גֶעמֵיינְט אַז עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אֵיין גֶעזִיכְט׃

10 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען פָּארְבֵּייגֶע־גַאנְגֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע אוּנְד דִיא צְוֵוייטֶע וַואךְ, זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם אֵייזֶערְנֶעם טוֹיעֶר וָואס פִיהְרְט אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיין, וָואס הָאט זִיךְ פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּ זֵייא אוֹיפְגֶעמַאכְט; אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אוּנְד זֶענֶען דוּרְךְ אֵיינֶע גַאס פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען. אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער מַלְאָךְ פְּלוּצְלִינְג פוּן אִיהְם אָפְּגֶעקֶעהְרְט׃

11 אוּנְד וִויא פֶּעטְרוּס אִיז צוּ זִיךְ גֶעקוּמֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אַצוּנְד וֵוייס אִיךְ בְּאֶמֶת אַז דֶער הַאר הָאט גֶעשִׁיקְט זֵיין מַלְאָךְ, אוּנְד הָאט מִיךְ בַּאשְׁעֶרְמְט פוּן דִיא הֶענְד פוּן הוֹרְדוֹס אוּנְד פוּן אַלֶעם וָואס דָאס יוּדִישֶׁע פָאלְק הָאפְט׃

12 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זִיךְ בֶּעדַאכְט אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם הויז פוּן מִרְיָם דִיא מוּטֶער פוּן יוֹחָנָן, וָואס וַואר גֶערוּפֶען מַרְקוֹס, וְואוּ פִילֶע וַוארֶען צוּזַאמֶען פֶערְזַאמֶעלְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען :

13 אוּנְד וֶוען פֶּעטְרוּס הָאט אָנְגֶעקְלַאפְּט בֵּייא דֶער טְהִיר פוּן דֶעם טוֹיעֶר, אַזוֹי אִיז אֵיין מֵיידֶעל גֶעקוּמֶען צוּ הָארְכֶען, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען רוֹדָה :

14 אוּנְד וְוִיא זִיא הָאט דֶערְקֶענְט דָאס קוֹל פוּן פֶּעטְרוּס, אַזוֹי הָאט זִיא פַאר פְרֵייד דָאס טוֹיעֶר נִיט אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּנְד אִיז אַרֵיינְגֶעלָאפֶען אוּנְד הָאט דֶערְצֵיילט אַז פֶּעטְרוּס שְׁטֵייט בֵּייא דֶעם טוֹיעֶר :

15 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט מְשׁוּגָע, אָבֶּער זִיא אִיז דְרוֹיף בֶּעשְׁטַאנֶען אַז עֶס אִיז אַזוֹי. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס אִיז זֵיין מַלְאָךְ :

16 אָבֶּער פֶּעטְרוּס הָאט וֵוייטֶער אָנְגֶעקְלַאפְּט. אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעמַאכְט אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ זֵייעֶר פַארְוְואוּנְדֶערְט :

17 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעוְוינְקֶען מִיט דֶער הַאנְד זֵייא זָאלֶען שְׁטִיל שְׁוֵוייגֶען, אוּנְד הָאט זֵייא דֶערְצֵיילְט וְוִיא דֶער הַאר הָאט אִיהְם אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם גֶעפֶענְקְנִיס. אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶערְצֵיילְט דָאס צוּ יַעֲקֹב אוּנְד צוּ דִיא בְּרִידֶער; אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז צוּ אֵיין אַנְדֶערְן אָרְט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען :

18 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארֶען, אַזוֹי אִיז אֵיין גְרוֹיס גֶעשְׁרֶעק גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען דִיא זֶעלְנֶער וְוִיא פֶּעטְרוּס אִיז אַהִינְגֶעקוּמֶען :

19 אוּנְד וֶוען הוֹרְדוֹס הָאט אִיהְם גֶעזוּכְט אוּנְד הָאט אִיהְם נִיט גֶעפוּנֶען, אַזוֹי הָאט עֶר פַארְהֶערְט דִיא וֶועכְטֶערְס, אוּנְד הָאט זֵייא גֶעהֵייסֶען אַרוֹיסְפִיהְרֶען אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען; אוּנְד עֶר אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען פוּן יְהוּדָה קֵיין קֵסַרְיָא אוּנְד הָאט דָארְטֶען גֶעוְואוֹינְט :

20 אוּנְד הוֹרְדוֹס הָאט פַארְדְרָאס גֶעהַאט אִיבֶּער דִיא לֵייט פוּן צוֹר אוּנְד צִידוֹן. אוּנְד זֵייא זֶענֶען מִיט אַמָאל צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶערֶעט פוּן בְּלַאסְטוֹס, דֶער חֶדֶר דִינֶער פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אוּם פְרִידֶען. וָוארִין זֵייעֶר לַאנְד הָאט זִיךְ דֶערְנֶערְט פוּן דֶעם קֶענִיגְס לַאנְד :

21 אוּנְד אוֹיף אֵיין גֶעזֶעצְטֶען טָאג וַואר הוֹרְדוֹס גֶעקְלֵיידֶעט אִין קֶענִיגְלִיכֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם רִיכְטֶער־שְׁטוּהל, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא אַ רֶעדֶע גֶעהַאלְטֶען :

22 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען. דָאס אִיז דָאס קוֹל פוּן אֵיין גָאט אוּנְד נִיט פוּן אֵיין מֶענְשׁ :

23 אַזוֹי הָאט אִיהְם בַּאלְד אֵיין מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר גֶעשְׁלָאגֶען, וֵוייל עֶר הָאט נִיט גֶעגֶעבֶּען דֶעם כָּבוֹד צוּ גָאט. אוּנְד דִיא וֶוערֶעם הָאבֶּען אִיהְם אוֹיפְגֶעגֶעסֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען :

24 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז גֶעוַואקְסֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעמֶעהְרְט :

25 אוּנְד בַּר־נַבָּא אוּנְד שָׁאוּל הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט פוּן יְרוּשָׁלַיִם, וֶוען זֵייא הָאבֶּען דֶערְפִילְט זֵייעֶר דִינְסְט אוּנְד הָאבֶּען מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען יוֹחָנָן וָואס וַואר גֶערוּפֶען מַארְקוֹס :

קאפיטעל יג

1 אוּנְד דָא וַוארֶען אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע פוּן אַנְטִיוֹכְיָא עֶטְלִיכֶע נְבִיאִים אוּנְד לֶעהְרֶערְס, דְהַיְינוּ, בַּר־נַבָּא אוּנְד שִׁמְעוֹן וָואס וַואר גֶערוּפֶען נִיגֶער, אוּנְד לוּקִיוּס פוּן קוּרִינִי, אוּנְד מְנַחֵם וָואס וַואר דֶערְצוֹיגֶען בֵּייא הוֹרְדוֹס דֶעם טֶטְרַרְכִים, אוּנְד שָׁאוּל:

2 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעדִינְט דֶעם הַאר אוּנְד הָאבֶּען גֶעפַאסְט, אַזוֹי הָאט דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ גֶעזָאגְט, שֵׁיידֶעט מִיר אָפּ בַּר־נַבָּא אוּנְד שָׁאוּל צוּ דֶעם וֶוערְק צוּ וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ זֵייא בֶּערוּפֶען:

3 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעפַאסְט אוּנְד גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד הָאבֶּען דִיא הֶענְד אוֹיף זֵייא גֶעלֵייגְט, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא אַוֶּועקְ־גֶעשִׁיקְט:

4 אוּנְד וִויא זֵייא וַוארֶען אוֹיסְגֶעשִׁיקְט בֵּייא דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, זֶענֶען זֵייא אַוֶּועקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין סְלוּקִיָא, אוּנְד פוּן דָארְטֶען הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעשִׁיפְט קֵיין קַפְרוֹס:

5 אוּנְד וֶוען זֵייא וַוארֶען אִין סְלָמִים, הָאבֶּען זֵייא גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִין דִיא שׁוּלֶען פוּן דִיא יוּדֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעהַאט יוֹחָנָן פַאר זֵייעֶר דִינֶער:

6 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען דִיא אִינְזֶעל דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען בִּיז פָּפוֹס, הָאבֶּען זֵייא גֶעפוּנֶען אֵיין יְהוּדִי, אֵיין כִּישׁוּף מַאכֶער אוּנְד פַאלְשֶׁער נָבִיא וָואס הָאט גֶע־הֵייסֶען בַּר־יֵשׁוּעַ:

7 אוּנְד עֶר וַואר מִיט סַרְגִיוּס פּוּלוֹס דֶעם דֶעפּוּטִירְטֶען פוּן דֶעם לַאנְד, וָואס וַואר אֵיין פַארְשְׁטֶענְדִיגֶער מַאן. דִיזֶער הָאט גֶערוּפֶען בַּר־נַבָּא אוּנְד שָׁאוּל, אוּנְד הָאט בַּאגֶערְט צוּ הֶערֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט:

8 אָבֶּער דֶער כִּישׁוּף מַאכֶער אֶלִימַס (וָוארִין דָאס אִיז זֵיין נָאמֶען פַארְטֵייטְשְׁט), הָאט זִיךְ זֵייא דֶערְוִוידֶער גֶעזֶעצְט, אוּנְד הָאט גֶעזוּכְט דֶעם דֶע־פּוּטִירְטֶען פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אָפְּצוּ־וֶוענְדֶען:

9 אָבֶּער שָׁאוּל, וָואס וַואר אוֹיךְ גֶע־רוּפֶען פּוּלוֹס, וַואר פוּל מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶעזֶעהֶען:

10 אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אוי דוּא, וָואס בִּיסְט פוּל מִיט אַלֶער לִיסְט אוּנְד אַלֶער פַאלְשְׁהֵייט, דוּא קִינְד פוּן דֶעם שָׂטָן, דוּא פֵיינְד פוּן אַלֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, וִוילְסְט דוּא נִיט אוֹיפְהֶערֶען צוּ פַארְ־קֶערֶען דִיא רֶעכְטֶע וֶועגֶען פוּן דֶעם הַאר?

11 אוּנְד נוּן אַצוּנְד אִיז דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר אִיבֶּער דִיר, אוּנְד דוּא וֶועסְט בְּלִינְד זֵיין אוּנְד וֶועסְט נִיט זֶעהֶען דִיא זוּן פַאר אֵיינֶע צֵייט. אוּנְד עֶס אִיז בַּאלְד אוֹיף אִיהְם גֶעפַאלֶען אֵיין גֶענֶעבֶּעל אוּנְד פִינְסְטֶערְנִים, אוּנְד עֶר אִיז אַרוּמְ־גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶעזוּכְט לֵייט וָואס זָאלֶען אִיהְם בֵּייא דֶער הַאנְד פִיהְרֶען:

12 דֶערְנָאךְ, וִויא דֶער דֶעפּוּטִירְטֶער הָאט גֶעזֶעהֶען וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד הָאט זִיךְ פַארְוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דֶעם הַאר:

13 וֶוען פּוּלוֹס אוּנְד דִיא וָואס וַוארֶען מִיט אִיהְם הָאבֶּען זִיךְ אַוֶּועקְגֶעשִׁיפְט פוּן פָּפוֹס, זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען קֵיין פַּרְגִי אִין פַּמְפוּלְיָא. אוּנְד יוֹחָנָן הָאט זִיךְ פוּן זֵייא אָפְּגֶעשֵׁיידֶעט, אוּנְד הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם:

14 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַוֶּועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן

פֶּרְגִי אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין אַנְטִיוֹכְיָא אִין פִּסִידְיָא, אוּנְד אַם שַׁבָּת זֶענֶען זֵייא אִין שׁוּל אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט:

15 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעלֵיינְט דִיא תּוֹרָה אוּנְד דִיא נְבִיאִים, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער שׁוּל צוּ זֵייא גֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיהְר בְּרִידֶער, וֶוען אִיהְר הָאט אֵיין וָוארְט פוּן טְרֵייסְט צוּם פָאלְק, אַזוֹי זָאגְט:

16 אוּנְד פּוֹלוֹס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט גֶעוִוינְקְט מִיט דֶער הַאנְד, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיהְר וָואס פָארְכְט אֵייךְ פַאר גָאט, הָארְכְט צוּ:

17 דֶער גָאט פוּן דִיזֶען פָאלְק יִשְׂרָאֵל הָאט אוֹיסְדֶערְוֵויילְט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, אוּנְד הָאט דֶערְהוֹיבֶּען דָאס פָאלְק וֶוען זֵייא וַוארֶען פְרֶעמְדֶע אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פוּן דָארְט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט מִיט אֵיין הוֹיכֶען אָרֶעם:

18 אוּנְד עֶר הָאט מִיט זֵייא גֶעלִיטֶען פֶערְצִיג יָאהְר אִין דֶער מִדְבָּר:

19 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְטִילְגְט זִיבֶּען פֶעלְקֶער אִים לַאנְד כְּנַעַן, אוּנְד הָאט צְווִישֶׁען זֵייא צוּטֵיילְט זֵייעֶר לַאנְד:

20 אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זֵייא גֶעעֶר־גֶעבֶּען רִיכְטֶערְס, דוּרְךְ אֵיינֶע צֵייט פוּן פִיר הוּנְדֶערְט אוּנְד פִּיפְצִיג יָאהְר, בִּיז שְׁמוּאֵל הַנָבִיא:

21 אוּנְד פוּן דֶענְסְטְמָאל אָן הָאבֶּען זֵייא גֶעבֶּעטֶען אוּם אֵיין קֶענִיג, אוּנְד גָאט הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען פַאר פִירְצִיג יָאהְר שָׁאוּל, דֶעם זוּהְן פוּן קִישׁ, אֵיין מַאן אוּים דֶעם שֵׁבֶט בִּנְיָמִין:

22 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דִיזֶען אַוֶועקְ־גֶענוּמֶען, הָאט עֶר זֵייא אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דָּוִד פַאר אֵיין קֶענִיג, פוּן וֶועלְכֶען עֶר הָאט אוֹיךְ בֶּעצֵייגְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען דָּוִד, דֶעם זוּהְן פוּן יִשַׁי, אֵיין מַאן נָאךְ מֵיין הַארְץ, וָואס וֶועט טְהוּן מֵיין גַאנְצֶען ווִילֶען:

23 פוּן זֵיין זָאמֶען הָאט גָאט אוֹיפְ־גֶעשְׁטֶעלְט יֵשׁוּעַ, אֵיין הֶעלְפֶער צוּ יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט פֶערְ־שְׁפְּרָאכֶען:

24 אוּנְד יוֹחָנָן הָאט פְרִיעֶר גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא טְבִילָה פוּן תְּשׁוּבָה צוּם גַאנְצֶען פָאלְק פַאר זֵיין קוּמֶען:

25 אָבֶּער וֶוען יוֹחָנָן הָאט זֵיין לוֹיף דֶערְפִילְט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, וֶוער דֶענְקְט אִיהְר דָאס אִיךְ בִּין? אִיךְ בִּין נִיט דִיזֶער. נֵייעֶרְט דָא קוּמְט אֵיינֶער נָאךְ מִיר, וָואס אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט דִיא שִׁיךְ פוּן זֵיינֶע פִים אוֹיפְצוּבִּינְדֶען:

26 מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, קִינְדֶער פוּן דֶעם גֶעשְׁלֶעכְט פוּן אַבְרָהָם, אוּנְד דִיא וָואס פָארְכְטֶען זִיךְ פַאר גָאט צְווִישֶׁען אֵייךְ, צוּ אֵייךְ אִיז דָאס וָוארְט פוּן דִיזֶער יְשׁוּעָה גֶעשִׁיקְט:

27 וָוארִין דִיא וָואס ווְאוֹינֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד זֵייעֶרֶע עֶלְצְטֶע, ווייל זֵייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט אוּנְד אוֹיךְ נִיט דָאס קוֹל פוּן דִיא נְבִיאִים וָואס וֶוערֶען גֶעלֵיינְט אַלֶע שַׁבָּת, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא דָאס זֶעלְבִּיגֶע דֶערְפִילְט וֶוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם פֶערְשׁוּלְדִיגְט:

28 אוּנְד חָאטְשֶׁע זֵייא הָאבֶּען אִין אִיהְם נִיט גֶעפוּנֶען קֵיינֶע שׁוּלְד פוּן טוֹיט, הָאבֶּען זֵייא דָאךְ פִּילָטוֹס גֶעעֶר־בֶּעטֶען אַז עֶר זָאל אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען:

29 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְדִיגְט אַלֶעס וָואס אִיז אוֹיף אִיהְם גֶעשְׁרִיבֶּען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם אַרוּפְּגֶענוּמֶען

פוּן

פוּן דֶעם קְרֵייץ אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אִין קֶבֶר אַרֵיין גֶעלֵייגְט׃

30 אָבֶּער גָאט הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דֶעם טוֹיט׃

31 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעוִויזֶען דוּרְךְ פִּילֶע טֶעג צוּ דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן גָלִיל קֵיין יְרוּשָׁלַיִם; אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זֵיינֶע עֵדוּת צוּם פָאלְק׃

32 אוּנְד מִיר זֶענֶען אֵייךְ מְבַשֵׂר דִיא הַבְטָחָה וָואס וַואר גֶעגֶעבֶּען צוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת׃

33 אַז גָאט הָאט דָאס זֶעלְבִּיגֶע דֶערְפִּילְט צוּ אוּנְס זֵיירֶע קִינְדֶער, וֶוען עֶר הָאט יֵשׁוּעַ אוֹיפְגֶעוֶועקְט; אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען אִים צְוֵוייטֶען מִזְמוֹר פוּן תְּהִלִּים, דוּא בִּיסְט מֵיין זוּהְן, הֵיינְט הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעבּוֹירֶען׃

34 אוּנְד אַז עֶר הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען פוּן דֶעם טוֹיט, עֶר זָאל נִיט וִוידֶער צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּר פַארְדַארְבֶּענִיס, זָאגְט עֶר אַזוֹי, אִיךְ וֶועל אֵייךְ גֶעבֶּען דִיא חֲסָדִים פוּן דָוִד וָואס זֶענֶען זִיכֶער׃

35 דָארוּם זָאגְט עֶר אוֹיךְ אוֹיף אֵיין אַנְדֶערְן אָרְט, דוּא וֶועסְט נִיט צוּלָאזֶען אַז דֵיין הֵיילִיגֶער זָאל זֶעהֶען פַארְדַארְבֶּענִיס׃

36 וָוארִין דָוִד, וֶוען עֶר הָאט גֶעדִינְט צוּ זֵיינֶע צֵייט דֶעם וִוילֶען פוּן גָאט, אִיז עֶר עֶנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען אוּנְד אִיז גֶעלֵייגְט גֶעוָוארֶען צוּ זֵיינֶע אָבוֹת, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען פַארְדַארְבֶּענִיס׃

37 אָבֶּער דֶער וָואס גָאט הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט, הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען קֵיין פַארְדַארְבֶּענִיס׃

38 דְרוּם זָאלְט אִיהְר וִויסֶען, מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, אַז דוּרְךְ דִיזֶען אִיז צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְדֶען׃

39 אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס גְלוֹיבְּט, אִיז דוּרְךְ אִיהְם גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט פוּן אַלֶעם וָואס אִיהְר הָאט נִיט גֶעקֶענְט גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט וֶוערֶען דוּרְךְ תּוֹרַת מֹשֶׁה׃

40 דְרוּם הִיט אֵייךְ אַז עֶס זָאל נִיט אוֹיף אֵייךְ קוּמֶען וָואס אִיז גֶעזָאגְט אִין דִיא נְבִיאִים׃

41 זֶעהְט, אִיהְר פֶערַאכְטֶערְס, אוּנְד וְואוּנְדֶערְט אֵייךְ, אוּנְד וֶוערְט פַארְלוֹירֶען, וָוארִין אִיךְ טְהוּא וֶוערְקֶען אֵיין וֶוערְק אִין אֵיירֶע צֵייטֶען, אֵיין וֶוערְק וָואס אִיהְר וֶועט נִיט גְלוֹיבֶּען וֶוען אֵיינֶער וֶועט עֶס אֵייךְ דֶערְצֵיילֶען׃

42 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען אוֹיס דֶער שׁוּל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעבֶּעטֶען אַז זֵייא זָאלֶען דִיזֶע רֵייד צוּ זֵייא נָאךְ אַמָאל זָאגֶען אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן שַׁבָּת׃

43 אוּנְד וֶוען עֶס וַואר נָאךְ שׁוּלְצֵייט, אַזוֹי הָאבֶּען פִּילֶע פוּן דִיא יוּדֶען אוּנְד פוּן דִיא פְרוּמֶע גֵרִים נָאכְגֶעפָאלְגְט פּוּלוּס אוּנְד בַּר־נַבָּא, וָואס הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶערֶעט, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא דֶערְמָאנְט זֵייא זָאלֶען בְּלֵייבֶּען אִין דֶער גְנָאד פוּן גָאט׃

44 אוּנְד אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן שַׁבָּת אִיז זִיךְ כִּמְעַט דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען, זֵייא זָאלֶען הֶערֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט׃

45 אוּנְד וִויא דִיא יוּדֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס פָאלְק, אַזוֹי וַוארֶען זֵייא דֶערְפִּילְט מִיט קִנְאָה, אוּנְד הָאבֶּען אָפְּגֶעוֶוענְדֶעט דָאס וָואס פּוּלוּס הָאט

גֶעזָאגְט, אוּנְד הָאבֶּען אַנְטקֶעגֶען גֶערֶעט
אוּנְד גֶעלֶעסְטֶערְט :
46 אָבֶּער פּוּלוּס אוּנְד בַּר־נַבָּא וַוארֶען
פְּרַייא אוּנְד הָאבֶּען עֶפֶּענְטלִיךְ גֶעזָאגְט,
עֶס וַואר נֵייטִיג אַז דָאס וָוארְט פוּן גָאט
זָאל צוּעֶרְשְׁט צוּ אֵייךְ גֶערֶעט וֶוערֶען,
אָבֶּער וֶוען אִיהְר הָאט עֶס פַארוָוארְפֶען,
אוּנְד דֶענְקְט אַז אִיהְר זֶענְט נִיט וֶוערְט
דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען, אַזוֹי קֶערֶען מִיר
זִיךְ צוּ דִיא גוֹיִם :
47 וָוארִין דֶער הַאר הָאט אוּנְס אַזוֹי
בֶּעפוֹילֶען, אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעזֶעצְט פַאר
אֵיין לִיכְט צוּ דִיא פֶעלְקֶער, אַז דוּא
זָאלְסְט זַיין אֵיינֶע יְשׁוּעָה בִּיז צוּ דֶעם
עֶק פוּן דֶער וֶועלְט :
48 אוּנְד וֶוען דִיא גוֹיִם הָאבֶּען דָאס
גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעפְרֵייט, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר. אוּנְד דִיא וָואס וַוארֶען פַארְ־
אָרְדֶענֶעט צוּם אֵייבִּיגֶען לֶעבֶּען הָאבֶּען
גֶעגְלוֹיבְּט :
49 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
וַואר פֶערְבְּרֵייטֶעט אִין דֶער גַאנְצֶער
גֶעגֶענְד :
50 אָבֶּער דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיפְגֶע־
הֶעצְט דִיא פְרוּמֶע אוּנְד אַנְשְׁטֶענְדִיגֶע
וַוייבֶּער אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער
שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶערְוֶועקְט
אֵיינֶע פֶערְפָאלְגוּנְג קֶעגֶען פּוּלוּס אוּנְד
בַּר־נַבָּא, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא אַרוֹיסְגֶע־
טְרִיבֶּען פוּן זֵיירֶע גֶעגֶענְד :
51 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא קֶעגֶען זֵייא אָפְּ־
גֶעשָׁאקֶעלְט דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן זֵיירֶע פִּיס,
אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין אִיקָנְיָא :
52 אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים וַוארֶען דֶערְ־
פִילְט מִיט פְרֵייד אוּנְד מִיט דֶעם רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ :

## קאַפּיטעל יד

1 אוּנְד עֶס וַואר אִין אִיקָנְיָא, אַזוֹי
זֶענֶען זֵייא צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען אִין דֶער
יוּדִישֶׁער שׁוּל אַרֵיין, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט אַז אֵיין גְרוֹיס פָאלְק פוּן דִיא
יוּדֶען אוּנְד גְרִיכֶען הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט :
2 אָבֶּער דִיא יוּדֶען וָואס הָאבֶּען נִיט
גֶעגְלוֹיבְּט הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶעצְט דִיא
גוֹיִם, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא בֵּייז גֶעמַאכְט
קֶעגֶען דִיא בְּרִידֶער :
3 אוּנְד זֵייא זֶענֶען דָארְטֶען גֶעבְּלִיבֶּען
אֵיינֶע לַאנְגֶע צֵייט, אוּנְד הָאבֶּען עֶפֶּענְט־
לִיךְ גֶעלֶעהְרְט אִין דֶעם הַאר, וָואס
הָאט בֶּעצֵייגְט צוּם וָוארְט פוּן זֵיינֶע
גְנָאד, אוּנְד הָאט גֶעלָאזְט צֵייכֶען אוּנְד
וְואוּנְדֶער גֶעשֶׁעהֶען דוּרְךְ זֵיירֶע הֶענְד :
4 אוּנְד דָאס פָאלְק פוּן דֶער שְׁטָאט
וַואר צוּטֵיילְט, אֵיין טֵייל וַואר מִיט
דִיא יוּדֶען אוּנְד אֵיין טֵייל מִיט דִיא
אַפָּאסְטֶעלְם :
5 אוּנְד דִיא גוֹיִם אוּנְד דִיא יוּדֶען מִיט
זֵיירֶע עֶלְצְטֶע הָאבֶּען גֶעשְׁטוּרֶעמְט זֵייא
זָאלֶען זֵייא בֵּייז טְהוּן, אוּנְד זָאלֶען זֵייא
שְׁטֵיינִיגֶען :
6 אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעוָואר
גֶעוָוארֶען, זֶענֶען זֵייא אַנְטלָאפֶען קֵיין
לוּסְטְרָא אוּנְד דֶערְבִּי, דִיא שְׁטֶעט פוּן
לוּקוֹנְיָא, אוּנְד צוּ דֶער גֶעגֶענְד אַרוּם :
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָארְטֶען גֶע־
פְּרֶעדִיגְט דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם :
8 אוּנְד עֶס הָאט גֶעוְואוֹינְט אֵיין מַאן
אִין לוּסְטְרָא וָואס וַואר שְׁוַואךְ אִין דִיא
פִּיס, אוּנְד עֶר וַואר לָאם פוּן זֵיין
מוּטֶערְס לֵייבּ, אוּנְד אִיז נָאךְ קֵיינְמָאל
נִיט אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען :
9 דִיזֶער הָאט גֶעהֶערְט פּוּלוּס רֶעדֶען,
אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אִיהְם אָנְגֶעקוּקְט,

אונד האט געזעהען אז ער האט גלויבען געהאלפען צו ווערען:

10 אזוי האט ער מיט איין הויך קול גערופען, שטייא גלייך אויף דיינע פיס. אונד ער איז אויפגעשפרונגען אונד איז ארומגעגאנגען:

11 אונד ווען דאס פאלק האט געזעהען וואס פולוס האט געטהון, האבען זייא אויפגעהויבען זייער קול אונד האבען געזאגט אויף לוקוניש, דיא געטער זענען צו אונס ארופגעקומען אין דער געשטאלט פון מענשען:

12 אונד זייא האבען גערופען בר־נבא, יופיטער, אונד פולוס, מערקוריוס. וועיל ער ואר דער הויפט־רעדער:

13 אונד דער כהן פון יופיטער, וואס ואר פאר איהר שטאט, האט געבראכט אקסען אונד קראנצען צו דיא טויערען, אונד האט געוואלט ברענגען קרבנות מיט דעם פאלק:

14 אבער ווען דיא אפאסטעלם בר־נבא אונד פולוס האבען דאס געהערט, אזוי האבען זייא זייערע קליידער צוריסען, אונד זענען געלאפען צום פאלק אונד האבען געשריגען:

15 אונד האבען געזאגט, איהר מענער, ווארום מהוט איהר דאס? מיר זענען אויך נאר שטערבליכע מענשען אזוי וויא איהר, אונד מיר פרעדיגען צו אייך אז איהר זאלט אייך אבקערען פון דיזע נארישקייטען צום לעבעדיגען גאט וואס האט געמאכט הימעל אונד ערד אונד דאס ים אונד אלעס וואס איז דארינען:

16 וואס האט אין פריריגע צייטען געלאזט אלע גוים וואנדלען אין זייערע אייגענע וועגען:

17 חאטשע ער האט זיך ניט גע־לאזט אן איין צייגניס, וועיל ער האט אונס גוטעס געטהון, אונד האט אונס געגעבען רעגען פום הימעל, אונד פרוכטבארע צייטען, אונד האט אונזער הארץ דערפילט מיט שפייז אונד פריידען:

18 אונד ווען זייא האבען דאס געזאגט, אזוי האבען זייא קוים דאס פאלק צוריק געהאלטען אז זייא זאלען צו זייא ניט מקריב זיין:

19 אונד עס זענען אנגעקומען יודען פון אנטיוכיא אונד איקניא אונד האבען דאס פאלק איבערגערעט, אונד האבען פולוס געשטייניגט אונד האבען איהם אוים דער שטאט ארויסגעשלעפט, ווארין זייא האבען געמיינט אז ער איז שוין טויט:

20 אונד ווען דיא תלמידים האבען איהם ארומגערינגעלט, אזוי איז ער אויפגעשטאנען אונד איז אין דיא שטאט אריינגעקומען. אונד צו מארגען איז ער אוועקגעגאנגען מיט בר־נבא קיין דרבי:

21 אונד ווען זייא האבען דאס עוואנ־געליום געפרעדיגט אין דער שטאט אונד האבען פילע לייט געלעהרט, אזוי האבען זייא זיך אומגעקערט קיין לוסטרא אונד איקניא אונד אנטיוכיא:

22 אונד זייא האבען געשטארקט דיא הערצער פון דיא תלמידים, אונד האבען זייא דערמאנט זייא זאלען בלייבען אין דעם גלויבען, אונד אז מיר מוזען דורך פילע ליידען אים קעניגרייך פון הימעל אריין קומען:

23 אונד זייא האבען איבער זייא גע־זעצט עלצטע אין איטליכער קהלה,



אונד

אוּנְד הָאבֶּען זַייא בֶּעפוֹילֶען צוּם הַאר אִין וֶועלְכֶען זַייא הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט׃

24 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין פַּאמְפִילְיָא׃

25 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס וָוארְט אִין פֶּרְגִי, אוּנְד זֶענֶען אַרוּפּ־גֶענַאנְגֶען קַיין אַטַאלְיָא׃

26 אוּנְד פוּן דָארְטֶען הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶעשִׁיפְט קַיין אַנְטְיוֹכְיָא, פוּן וַואנֶען זַייא וַוארֶען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ דֶער גְנָאד פוּן גָאט וֶוענֶען דֶעם וֶוערְק וָואס זַייא הָאבֶּען דֶערְפִילְט׃

27 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט וָואס גָאט הָאט מִיט זַייא גֶעטְהוּן, אוּנְד וִויא עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דִיא טְהִיר פוּן גְלוֹיבֶּען צוּ דִיא גוֹיִם׃

28 אוּנְד זַייא זֶענֶען דָארְטֶען גֶעבְּלִיבֶּען אֵיינֶע לַאנְגֶע צַייט מִיט דִיא תַּלְמִידִים׃

## קאפיטעל טו

1 אוּנְד עֶטְלִיכֶע זֶענֶען אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן יְהוּדָה אוּנְד הָאבֶּען גֶעלֶעהְרְט דִיא בְּרִידֶער, וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט בֶּעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען נָאךְ תּוֹרַת מֹשֶׁה, אַזוֹי קֶענְט אִיהְר נִיט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען׃

2 דְרוּם וֶוען פּוֹלוּס אוּנְד בַּר־נַבָּא הָאבֶּען מִיט זַייא אֵיין גְרוֹיסֶען קְרִיג אוּנְד וִכּוּחַ גֶעהַאט, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעהֵייסֶען אַז פּוֹלוּס אוּנְד בַּר־נַבָּא, אוּנְד נָאךְ אַנְדֶערֶע פוּן זַייא, זָאלֶען אַרוּפְּ־גֵיין קַיין יְרוּשָׁלַיִם צוּ דִיא אַפָּאסְטֶעלְם אוּנְד עֶלְצְטֶע, וֶועגֶען דִיזֶער שַׁאֲלָה׃

3 אוּנְד וֶוען זַייא וַוארֶען אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט בֵּייא דֶער גֶעמֵיינְדֶע, זֶענֶען זַייא גֶע־גַאנְגֶען דוּרְךְ פִינוּקְיָא אוּנְד שׁוֹמְרוֹן, אוּנְד הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט פוּן דֶער בֶּע־קֶערוּנְג פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד הָאבֶּען גְרוֹיסֶע פְרֵייד גֶעמַאכְט צוּ אַלֶע בְּרִידֶער׃

4 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי וַוארֶען זַייא עֶנְטְפַאנְגֶען בֵּייא דֶער גֶעמֵיינְדֶע אוּנְד דִיא אַפָּאסְטֶעלְם אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע, אוּנְד זַייא הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט וָואס גָאט הָאט מִיט זַייא גֶעטְהוּן׃

5 אָבֶּער דָא זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא כִּתָּה פוּן דִיא פְּרוּשִׁים וָואס הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז מֶען מוּס זַייא בֶּעשְׁנֵיידֶען אוּנְד בֶּעפֶעהְלֶען צוּ הַאלְטֶען תּוֹרַת מֹשֶׁה׃

6 אוּנְד דִיא אַפָּאסְטֶעלְם אוּנְד עֶלְצְטֶע זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען זַייא זָאלֶען זִיךְ וֶועגֶען דִיזֶער זַאךְ מְיַיעֵץ זַיין׃

7 אוּנְד וֶוען דָא וַואר אֵיין גְרוֹיס גֶע־צַאנְק, אַזוֹי אִיז פֶּעטְרוּס אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, אִיהְר וֵוייסְט אַז גָאט הָאט לַאנְג פַאר דִיזֶער צַייט צְוִוישֶׁען אוּנְס מִיךְ אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְט, אַז דִיא גוֹיִם זָאלֶען הֶערֶען פוּן מֵיין מוֹיל דָאר וָוארְט פוּן דֶעם עֶוַואנְגֶעלְיוּם. אוּנְד זָאלֶען גְלוֹיבֶּען׃

8 אוּנְד גָאט, וָואס וֵוייסְט דָאס הַארְץ, הָאט אוֹיף זַייא בֶּעצֵייגְט, אוּנְד הָאט זַייא גֶעגֶעבֶּען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אַזוֹי וִויא צוּ אוּנְס׃

9 אוּנְד עֶר הָאט גָאר נִיט קֵיין צְוִוישֶׁענְשֵׁייד גֶעמַאכְט צְוִוישֶׁען אוּנְס אוּנְד זַייא, אוּנְד הָאט גֶערֵיינִיגְט זֵיירֶע הֶערְצֶער דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען׃

10 אוּנְד אַצוּנְד וָוארוּם פְּרוּפְט אִיהְר גָאט, אוּנְד לֵייגְט אֵיין יָאךְ אוֹיף דֶעם הַאלְז פוּן דִיא תַּלְמִידִים, וָואס אוּנְזֶערֶע אָבוֹת אוּנְד מִיר זֶעלְבְּסְט הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט דֶערְטְרָאגֶען׃

11 אָבֶּער מִיר גְלױבֶּען אַז דוּרךְ דֶער גְנָאד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ װֶעלֶען מִיר גֶערֶעטֶעט װֶערֶען, אַזױ גוּט װִיא זֵייא ׃

12 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט שְׁטִיל גֶעשְׁװִיגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעהֶערְט בַּר־נַבָּא אוּנְד פּוֹלוֹס דֶערְצֵיילֶען װָאס פַאר װְאוּנְדֶער אוּנְד צֵייכֶען גָאט הָאט דוּרךְ זֵייא גֶעטְהוּן צְװִישֶׁען דִיא גוֹיִם ׃

13 אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען שְׁטִיל גֶעשְׁװִיגֶען אַזױ הָאט יַעֲקֹב גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיהר מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, הֶערְט מִיר צוּ ׃

14 שִׁמְעוֹן הָאט דֶערְצֵיילְט װִיא גָאט הָאט צוּם עֶרשְׁטֶען בֶּעזוּכְט דִיא גוֹיִם, אוּנְד הָאט פוּן זֵייא גֶענוּמֶען אֵיין פָאלְק צוּ זֵיין נָאמֶען ׃

15 אוּנְד דָאס אִיז גְלֵייךְ צוּ דִיא רֵייד פוּן דִיא נְבִיאִים, אַזױ װִיא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען,

16 נָאךְ דִיזֶען װֶעל אִיךְ װִידֶער קֶערֶען אוּנְד װֶעל אױפְבּױעֶן דָאס גֶעצֶעלְט פוּן דָוִד װָאס אִיז אֵיינְגֶעפַאלֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל װִידֶער אױף בּױעֶן דִיא חָרְבוֹת דֶערפוּן, אוּנְד װֶעל עֶס אױפשְׁטֶעלֶען ׃

17 אַז דָאס אִיבֶּערבְּלֵייבֶּענִישׁ פוּן דִיא מֶענְשֶׁען זָאלֶען זוּכֶען דֶעם הַאר גָאט, אוּנְד אַלֶע פֶעלְקֶער, אױף װֶעלְכֶען מֵיין נָאמֶען װֶערְט גֶערוּפֶען, זָאגְט דֶער הַאר גָאט, װָאס טְהוּט דָאס אַלֶעס ׃

18 אַלֶע װֶערְק פוּן גָאט זֶענֶען צוּ אִיהם בֶּעקֶענְט פוּן אֵייבִּיג אָן ׃

19 דְרוּם אִיז עֶס מֵיינֶע מֵיינוּנְג, אַז מִיר זָאלֶען נִיט אוּמְרוּהִיג מַאכֶען דִיא װָאס הָאבֶּען זִיךְ פוּן צְװִישֶׁען דִיא גוֹיִם אוּמְגֶעקֶערְט צוּ גָאט ׃

20 גֵייעֶרְט מִיר זָאלֶען צוּ זֵייא שְׁרֵייבֶּען אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ עֶנְטְהַאלְטֶען פוּן דִיא אוּמְװִירְדִיגְקֵייט פוּן אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד פוּן זְנוּת, אוּנְד פוּן דֶערְװָארְגֶענֶע זַאכֶען אוּנְד פוּן בְּלוּט ׃

21 װָארִין מֹשֶׁה הָאט פוּן אַלְטֶע צֵייטֶען אִין אִיטְלִיכֶער שְׁטָאט דִיא װָאס טְהוּן אִיהם פְּרֶעדִיגֶען, אוּנְד װֶערְט אַלֶע שַׁבָּת גֶעלֵיינְט אִין דִיא שׁוּלֶען ׃

22 אוּנְד עֶס אִיז גֶעפָאלֶען דִיא אַפָּאסְטֶעלְם אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע מִיט דֶער גַאנְצֶער גֶעמֵיינְדֶע אַז זֵייא זָאלֶען שִׁיקֶען אױסְדֶערְװֵיילְטֶע מֶענֶער קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא מִיט פּוֹלוֹס אוּנְד בַּר־נַבָּא. דְהַיְינוּ, יְהוּדָה װָאס װַאר גֶערוּפֶען בַּר־שַׁבָּא אוּנְד סִילָא, װָאס װַארֶען פִיהְרֶערס צְװִישֶׁען דִיא בְּרִידֶער ׃

23 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דוּרךְ זֵייא אַזױ גֶעשְׁרִיבֶּען. דִיא אַפָּאסְטֶעלְם אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע אוּנְד דִיא בְּרִידֶער לָאזֶען גְרִיסֶען דִיא בְּרִידֶער פוּן דִיא גוֹיִם װָאס זֶענֶען אִין אַנְטִיוֹכְיָא, אוּנְד אִין סוּרְיָא, אוּנְד אִין קִילִיקְיָא ׃

24 װֵייל מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז עֶטְלִיכֶע פוּן אוּנְס זֶענֶען אַרױסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען אֵייךְ מְצַעֵר גֶעװֶעזֶען מִיט זֵיירֶע רֵייד, אוּנְד הָאבֶּען אֵיירֶע הֶערְצֶער פַארְאִירְט, אוּנְד זָאגֶען, אִיהר מוּסְט בֶּעשְׁנֵיטֶען װֶערֶען אוּנְד דִיא תּוֹרָה הַאלְטֶען; אוּנְד מִיר הָאבֶּען זֵייא דָאס נִיט בֶּעפוֹילֶען ׃

25 אַזױ אִיז עֶס אוּנְס גֶעפָאלֶען װֶען מִיר װַארֶען פַארְזַאמֶעלְט, אַז מִיר זָאלֶען צוּ אֵייךְ שִׁיקֶען אױסְדֶערְװֵיילְטֶע מֶענֶער מִיט אוּנְזֶערֶע גֶעלִיבְּטֶע בַּר־נַבָּא אוּנְד פּוֹלוֹס ׃

26 מֶענֶער װָאס הָאבֶּען זֵייעֶר לֶעבֶּען

אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר דֶעם נָאמֶען פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃

27 דְרוּם הָאבֶּען מִיר גֶעשִׁיקְט יְהוּדָה אוּנְד סִילָא, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ דָאס זֶעלְבִּיגֶע זָאגֶען פֶּה אֶל פֶּה׃

28 וָוארִין עֶס אִיז גֶעפָאלֶען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּנְד אוּנְס, אַז מִיר זָאלֶען אוֹיף אֵייךְ קֵיינֶע גְרֶעסֶערֶע לַאסְט נִיט לֵייגֶען, חוּץ דִיזֶע נֵייטִיגֶע זַאכֶען׃

29 אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ עֶנְטהַאלְטֶען פוּן דִיא קָרְבָּנוֹת פוּן אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד פוּן בְּלוּט, אוּנְד פוּן דֶערְוָוארְגֶענֶע זַאכֶען, אוּנְד פוּן זְנוּת. אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט אֵייךְ הִיטֶען פוּן דִיזֶע זַאכֶען, אַזוֹי וֶועט אִיהְר רֶעכְט טְהוּן. שָׁלוֹם צוּ אֵייךְ׃

30 אוּנְד זֵייא וַוארֶען אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין אַנְטְיוֹכְיָא. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָאס פָאלְק אֵיין גֶעזַאמֶעלְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען דֶעם בְּרִיף׃

31 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעלֵיינְט הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעפְרֵייט אִיבֶּער דֶעם טְרֵייסְט׃

32 אוּנְד יְהוּדָה אוּנְד סִילָא, וָואס זַיינֶען אוֹיךְ זֶעלְבְּסְט נְבִיאִים, הָאבֶּען דִיא בְּרִידֶער דֶערְמָאנְט מִיט פִילֶע רֵייד, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁטַארְקְט׃

33 אוּנְד נָאכְדֶעם וִויא זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דָארְט אֵיינֶע צֵייט פֶערְווֵיילְט, אַזוֹי זַיינֶען זֵייא מִיט פְרִידֶען אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט פוּן דִיא בְּרִידֶער צוּ דִיא אַפָּאסְטֶעלְס׃

34 אוּנְד עֶס אִיז סִילָא גֶעפָאלֶען דָארְטֶען צוּ בְּלֵייבֶּען׃

35 אוּנְד פּוֹלוֹס אוּנְד בַּר־נַבָּא הָאבֶּען גֶעווֹאוֹינְט אִין אַנְטְיוֹכְיָא, אוּנְד הָאבֶּען גֶעלֶערְנְט אוּנְד גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, מִיט נָאךְ פִילֶע אַנְדֶערֶע׃

36 אוּנְד נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג הָאט פּוֹלוֹס גֶעזָאגְט צוּ בַּר־נַבָּא, לָאזֶען מִיר זִיךְ אוּמְקֶערֶען אוּנְד בֶּעזוּכֶען אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער אִין אִיטְלִיכֶער שְׁטָאט וְואוּ מִיר הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, כְּדֵי מִיר זָאלֶען זֶעהֶען וִויא עֶס גֵייט זֵייא׃

37 אוּנְד בַּר־נַבָּא הָאט פֶערְלַאנְגְט מִיטצוּנֶעמֶען יוֹחָנָן, וָואס וַואר גֶערוּפֶען מַארְקוֹס׃

38 אָבֶּער עֶס אִיז פּוֹלוֹס נִיט גֶעפַאלֶען דֶעם מִיט צוּ נֶעמֶען וָואס הָאט זֵייא פֶערְלָאזְט אִין פַּאמְפִילְיָא, אוּנְד אִיז נִיט מִיט זֵייא גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער אַרְבֵּייט׃

39 אַזוֹי אִיז צְווִישֶׁען זֵייא אֵיין גֶעצַאנְק גֶעוָוארֶען, בִּיז זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פוּן אַנַאנְדֶער גֶעשֵׁייט. אוּנְד בַּר־נַבָּא הָאט גֶענוּמֶען מַארקוֹס אוּנְד הָאט זִיךְ גֶע־שִׁיפְט קֵיין קַפְרוֹס׃

40 אוּנְד פּוֹלוֹס הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען סִילָא אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא בְּרִידֶער הָאבֶּען אִיהְם בֶּעפוֹילֶען צוּ דֶער גְנָאד פוּן גָאט׃

41 אוּנְד עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין סוּרְיָא אוּנְד קִילִיקְיָא, אוּנְד הָאט דִיא גֶעמֵיינְדֶען גֶעשְׁטַארְקְט׃

קַאפִּיטעל טז

1 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין דֶערְבֵּי אוּנְד לוּסְטְרָא אוּנְד דָארְטֶען וַואר אֵיין תַּלְמִיד וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען טִימוֹתִיוֹס, דֶער זוּהְן פוּן אֵיין יוּדִישֶׁע פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעגְלֵייבְּט, אָבֶּער זַיין פָאטֶער וַואר אֵיין יָוָן׃

2 דִיזֶער הָאט גֶעהַאט אֵיין גוּטֶען שֵׁם בֵּייא דִיא בְּרִידֶער אִין לוּסְטְרָא אוּנְד אִיקוֹנְיָא׃

3 אוּנְד פּוֹלוֹס הָאט גֶעוָואלְט אַז דִיזֶער

זאל

זָאל מִיט אִיהְם אוֹיסְגֵיין. אוּנְד הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען אוּנְד הָאט אִיהְם בֶּעשְׁנִיטֶען, וֶועגֶען דִיא יוּדֶען וָואס וַוארֶען אִין דִיזֶע עֶרְטֶער. וָוארִין זֵייא הָאבֶּען אַלֶע גֶעקֶענְט זֵיין פָאטֶער אַז עֶר וַואר אֵיין יָוָן׃

4 אוּנְד וִויא זֵייא זֶענֶען דוּרְךְ דִיא שְׁטֶעט דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זֵייא זֵייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ הִיטֶען נוּר דִיא גֶעזֶעצֶען וָואס וַוארֶען בֶּעשְׁטֶעטִיגְט בֵּייא דִיא אַפָּאסְטֶעלְן אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע אִין יְרוּשָׁלַיִם׃

5 אַזוֹי וַוארֶען דִיא גֶעמֵיינְדֶען בֶּעפֶעסְטִיגְט אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ טֶעגְלִיךְ גֶעמֶערְט אִין דֶער צָאל׃

6 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען דוּרְכגֶעגַאנְגֶען פְּרוּגְיָא אוּנְד דִיא גֶעגֶענְד פוּן גַאלַאטְיָא, אַזוֹי הָאט זֵייא דֶער הֵיילִיגֶער גֵייסְט פַארְוֶועהְרְט דָאס וָוארְט צוּ רֶעדֶען אִין אַזְיָא׃

7 אוּנְד וִויא זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין מוּסְיָא, הָאבֶּען זֵייא פֶּערְזוּכְט צוּ גֵיין קֵיין בִּיתוּנְיָא. אָבֶּער דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ הָאט זֵייא נִיט גֶעלָאזְט׃

8 אוּנְד זֵייא זֶענֶען מוּסְיָא פָארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען אַרוֹפְּגֶעקוּמֶען קֵיין טְרוֹאַס׃

9 אוּנְד אֵיין גֶעזִיכְט הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען צוּ פּוֹלוּס בֵּייא דֶער נַאכְט. אֵיין מַאן פוּן מַקְדוֹנְיָא אִיז בֵּייא אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, קוּם אַרִיבֶּער קֵיין מַקְדוֹנְיָא אוּנְד הֶעלְף אוּנְס׃

10 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזִיכְט גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר בַּאלְד גֶעטְרַאכְט קֵיין מַקְדוֹנְיָא צוּ רֵייזֶען, וָוארִין מִיר זֶענֶען פֶערְזִיכֶערְט גֶעוֶועזֶען אַז דֶער הַאר הָאט אוּנְס גֶערוּפֶען מִיר זָאלֶען צוּ זֵייא פְּרֶעדִיגֶען דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם׃

11 אַזוֹי זֶענֶען מִיר אַרוֹיס גֶעפָארֶען פוּן טְרוֹאַס, אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען מִיט דֶעם גְלֵייכֶען וֶועג קֵיין סַאמוֹטְרַאקְיָא, אוּנְד צוּ מָארְגֶען קֵיין נֶעאַפּוֹלִיס׃

12 אוּנְד פוּן דָארְטֶען קֵיין פִילִיפִּי, וָואס אִיז דִיא הוֹיפְּט־שְׁטָאט פוּן דִיזֶען טֵייל פוּן מַקְדוֹנְיָא, אוּנְד אִיז אֵיינֶע קָאלָאנְיָא. אוּנְד מִיר זֶענֶען אִין דִיזֶער שְׁטָאט גֶעשְׁטַאנֶען עֶטְלִיכֶע טֶעג׃

13 אוּנְד אַם שַׁבָּת זֶענֶען מִיר אוֹיס דֶער שְׁטָאט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּם טֵייךְ, וְואוּ דִיא לֵייט פְּלֶעגֶען מִתְפַּלֵל צוּ זֵיין, אוּנְד מִיר הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אוּנְד הָאבֶּען גֶערֶעט מִיט דִיא וֵוייבֶּער וָואס זֶענֶען זִיךְ צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען׃

14 אוּנְד אֵיינֶע פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען לוּדְיָא, אֵיינֶע פוּרְפֶּער קְרֶעמֶירֶען אוֹיס דֶער שְׁטָאט תִּיאַטִירָא, וָואס הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען פַאר גָאט, הָאט אוּנְס צוּ גֶעהֶערְט. אוּנְד דֶער הַאר הָאט אִיהְר הַארְץ אוֹיפְגֶעמַאכְט, זִיא זָאל פַארְנֶעמֶען דִיא זַאכֶען וָואס פּוֹלוּס הָאט גֶערֶעט׃

15 אוּנְד וֶוען זִיא אוּנְד אִיהְר הוֹיזְגֶעזִינְד זֶענֶען גֶעטוֹיפְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי הָאט זִיא גֶעבֶּעטֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר הַאלְט מִיךְ פַאר אֵיינֶע גְלֵייבִּיגֶע אִין דֶעם הַאר, אַזוֹי קוּמְט אַרֵיין אִין מֵיין הוֹיז, אוּנְד זִיא הָאט אוּנְס דֶערצוּ גֶעצְווָאוּנְגֶען׃

16 אוּנְד וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען צוּם גֶעבֶּעט, אַזוֹי הָאט אוּנְס בֶּעגֶעגֶענְט אֵיין מֵיידֶעל וָואס הָאט גֶעהַאט אֵיין

רוּחַ פוּן וָואהְרזָאגֶען, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְרֶע הַארֶען פִיל הָאבּ אֵיינְגֶעבְּרַאכְט דוּרְךְ וָואהְרזָאגֶען׃

17 דִיזֶע הָאט נָאכְגֶעפָאלְגְט פּוּלוֹס אוּנְד אוּנְס. אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, דִיזֶע מֶענְשֶׁער זֶענֶען דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם אֵייבֶּערשְׁטֶען גָאט, וָואס וֵוייזֶען אוּנְס דֶעם וֶועג פוּן זֶעלִיגְקַייט׃

18 דָאס הָאט זִיא גֶעטְהוּן פִילֶע טֶעג. אָבֶּער פּוּלוֹס הָאט זִיךְ דְרִיבֶּער מְצַער גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוּמגֶעקֶעהְרְט אוּנְד גֶעזָאגְט צוּ דֶעם רוּחַ, אִיךְ גֶעבִּיט דִיר אִין דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ דוּא זָאלְסְט פוּן אִיהְר אַרוֹיסְגֵיין, אוּנְד עֶר אִיז אִין דֶערזֶעלְבֶּער שָׁעָה אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען׃

19 אוּנְד וְויא אִיהְרֶע הַארְן הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז דִיא הָאפְנוּנְג פוּן זֵייעֶר גֶעוִוין וַואר פֶערְלוֹירֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶענוּמֶען פּוּלוֹס אוּנְד סִילָא, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא אִין מַארְק אַרֵיין גֶעשְׁלֶעפְּט צוּ דִיא עֶלְצְטֶע׃

20 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעפִיהְרְט צוּ דִיא הוֹיפְּטְלֵייט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט דִיזֶע מֶענְשֶׁער וָואס זֶענֶען יוּדֶען, מַאכֶען אֵיין אוֹיפְרוּהר אִין אוּנְזֶערֶע שְׁטָאט׃

21 אוּנְד זֵייא לֶערְנֶען זָאלְכֶע מִנְהָגִים וָואס אִיז אוּנְס נִיט דֶערְלוֹיבְּט אָנְצוּנֶעמֶען אוּנְד נִיט צוּ טְהוּן, וָוארִין מִיר זֶענֶען רוֹמִיִים׃

22 אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז קֶעגֶען זֵייא אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד דִיא הוֹיפְּלֵייט הָאבֶּען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אָפְּגֶערִיסֶען אוּנְד הָאבֶּען זֵייא גֶעהֵייסֶען שְׁלָאגֶען׃

23 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען זֵייא פִילֶע שְׁלֶעק גֶעגֶעבֶּען, הָאבֶּען זֵייא זֵייא אִים גֶעפֶענְקֶענִיס אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען, אוּנְד הָאבֶּען דֶעם שׁוֹמֵר אָנְגֶעזָאגְט אַז עֶר זָאל זֵייא גוּט הִיטֶען׃

24 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אֵיין זָאלְכֶעס גֶעבָּאט דֶערְהַאלְטֶען, אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא אִים אִינֶערְשְׁטֶען גֶעפֶענְקֶענִיס אֵיין גֶעזֶעצְט, אוּנְד הָאט זֵייעֶרֶע פִּיס אִין אֵיין קְלָאטְץ אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען׃

25 אוּנְד פּוּלוֹס אוּנְד סִילָא הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזוּנְגֶען צוּ גָאט. אוּנְד דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע הָאבֶּען זֵייא גֶעהֶערְט׃

26 אוּנְד דָא וַואר פְּלוּצְלִינְג אֵיין גְרוֹיס עֶרְד צִיטֶערְנִיס. בִּיז דֶער גְרוּנְד פוּן דֶעם גֶעפֶענְקֶענִיס הָאט זִיךְ גֶערִירְט. אוּנְד אַלֶע טְהִירֶען וַוארֶען בַּאלְד אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּנְד דִיא קֵייטֶען פוּן אַלֶע וַוארֶען לוֹיז גֶעמַאכְט׃

27 אוּנְד וְויא דֶער וֶועכְטֶער פוּן דֶעם גֶעפֶענְקֶענִיס וַואר אוֹיפְגֶעוֶועקְט, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דִיא טְהִירֶען פוּן דֶעם גֶעפֶענְקֶענִיס זֶענֶען אוֹיפְגֶמַאכְט, אַזוֹי הָאט עֶר דָאס שְׁוֶוערְד אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט אוּמְבְּרֶענְגֶען, וָוארִין עֶר הָאט גֶעדַאכְט אַז דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען׃

28 אָבֶּער פּוּלוֹס הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען מִיט אֵיין הוֹיךְ קוֹל אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, טְהוּא דִיר נִיט קֵיין בֵּייז. וָוארִין מִיר זֶענֶען אַלֶע הִיר׃

29 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען אוּם אֵיין לִיכְט, אוּנְד אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר וַואר אִין צִיטֶערְנִיס, אוּנְד אִיז אַנִידֶערגֶעפַאלֶען פָאר פּוּלוֹס אוּנְד סִילָא׃

30 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט אוּנְד גֶעזָאגְט, מֵיינֶע הַארֶען וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן אַז אִיךְ זָאל גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען?

31 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, גְלוֹיבּ אָן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְד אַזוֹי וֶועסְט דוּא גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען אוּנְד דֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד:

32 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד צוּ אַלֶע וָואס וַוארֶען אִין זֵיין הוֹיז:

33 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶענוּמֶען אִין דִיזֶער שָׁעָה פוּן דֶער נַאכְט, אוּנְד הָאט זֵיירֶע וְואוּנְדֶען גֶעוַואשֶׁען, אוּנְד עֶר מִיט אַלֶע זֵיינֶע פְרֵיינְד זֶענֶען בַּאלְד גֶעטוֹיפְט גֶעוָוארֶען:

34 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין זֵיין הוֹיז אוּנְד הָאט זֵייא פָארְגֶעשְׁטֶעלְט צוּ עֶסֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייט, אוּנְד הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אִין גָאט מִיט זֵיין גַאנְץ הוֹיזְגֶעזִינְד:

35 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארֶען, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא הוֹיפְּטְלֵייט גֶעשִׁיקְט דִיא פָּאלִיצֵיידִינֶער אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, לָאז דִיזֶע לֵייט פְרֵייא:

36 אוּנְד דֶער שׁוֹמֵר פוּן דֶעם גֶעפֶענְקֶענִיס הָאט דִיזֶע רֵייד גֶעזָאגְט צוּ פּוֹלוֹס, דִיא הוֹיפְּטְלֵייט הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט אַז אִיהְר זָאלְט פְרֵייא וֶוערֶען. דְרוּם קוּמְט אַצוּנְד אַרוֹיס, אוּנְד גֵייט אִין פְרִידֶען:

37 אָבֶּער פּוֹלוֹס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֵייא הָאבֶּען אוּנְס עֶפֶענְטְלִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען אָהְן מִשְׁפָּט, וָואס מִיר זֶענֶען רוֹמִישֶׁע לֵייט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוּנְס אִין גֶעפֶענְקֶענִיס אַרֵיין גֶעוָוארְפֶען, אוּנְד אַצוּנְד טְהוּן זֵייא אוּנְס שְׁטִילֶערְהֵייט אַרוֹיסְלָאזֶען? נֵיין! נֵייעֶרְט לָאזֶען זֵייא זֶעלְבְּסְט קוּמֶען אוּנְד אוּנְס אַרוֹיסְפִיהְרֶען:

38 אוּנְד דִיא פָּאלִיצֵיידִינֶער הָאבֶּען דִיזֶע רֵייד דֶערְצֵיילְט צוּ דִיא הוֹיפְּטְלֵייט. אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז זֵייא זֶענֶען רוֹמִיִים, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען:

39 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען זֵייא אִיבֶּערְגֶעבֶּעטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט אוּנְד הָאבֶּען זֵייא גֶעבֶּעטֶען זֵייא זָאלֶען פוּן דֶער שְׁטָאט אַרוֹיסְגֵיין:

40 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען אוֹיס דֶעם גֶעפֶענְקֶענִיס אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, זֶענֶען זֵייא אַרֵיינְגֶענַאנְגֶען צוּ לוּדְיָא, אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דִיא בְּרִידֶער, הָאבֶּען זֵייא זֵייא גֶעטְרֵייסְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען:

## קאפיטעל יז

1 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ אַמְפִיפּוֹלִיס אוּנְד אַפּוֹלוֹנְיָא, זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען קֵיין תֶּעסַאלוֹנִיקָא וְואוּ עֶס וַואר אֵיינֶע יוּדִישֶׁע שׁוּל:

2 אוּנְד פּוֹלוֹס אִיז צוּ זֵייא אַרֵיינְגֶעקוּמֶען וִויא זֵיינֶע גֶעוְואוֹנְהֵייט וַואר; אוּנְד דְרֵייא שַׁבָּתִים הָאט עֶר מִיט זֵייא גֶערֶעדט אוֹיס דֶער שְׁרִיפְט:

3 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט אוּנְד הָאט זֵייא גֶעוִויזֶען, אַז דֶער מָשִׁיחַ הָאט גֶעמוּסְט לֵיידֶען אוּנְד פוּן טוֹיט אוֹיפְשְׁטֵיין, אוּנְד אַז דִיזֶער יֵשׁוּעַ וֶועלְכֶען אִיךְ פְּרֶעדִיגֶע צוּ אֵייךְ, אִיז דֶער מָשִׁיחַ:

4 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ בֶּעהֶעפְט צוּ פּוֹלוֹס אוּנְד סִילָא, אוּנְד אֵיינֶע גְרוֹיסֶע צָאל פוּן דִיא פְרוּמֶע גְרִיכֶען, אוּנְד נִיט וֶוייניג פוּן דִיא אַנְשְׁטֶענְדִיגֶע וֵוייבֶּער:

5 אָבֶּער דִיא יוּדֶען וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, הָאבֶּען זֵייא מְקַנֵא גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען

עֶטְלִיכֶע שְׁלֶעכְטֶע מֶענֶער פוּן דֶער גַאס, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט אֵיינֶע כִּיתָּא אוּנְד הָאבֶּען אֵיין אוֹיפְרוּהְר גֶעמַאכְט אִין דֶער שְׁטָאט; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֶּעלֶעגֶערְט דָאס הויז פוּן יָסוֹן, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא גֶעוָואלְט אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען צוּם פָאלְק:

6 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעפוּנֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלֶעפְּט יָסוֹן אוּנְד עֶטְלִיכֶע בְּרִידֶער צוּ דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען, דִיזֶע לֵייט וָואס הָאבֶּען דִיא וֶועלְט אִיבֶּערְגֶעקֶערְט, זֶענֶען אוֹיךְ הִיר אַהֶער גֶעקוּמֶען·

7 אוּנְד יָסוֹן הָאט זֵייא עֶנְטְפַאנְגֶען, אוּנְד דִיזֶע אַלֶע טְהוּן ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶען קֶעגֶען דִיא גֶעזֶעץ פוּן דֶעם קֵיסֶר, אוּנְד זָאגֶען אַז דָא אִיז אֵיין אַנְדֶערֶער מֶלֶךְ, דָאס אִיז יֵשׁוּעַ:

8 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶערְצֶערְנְט דָאס פָאלְק אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶער שְׁטָאט וָואס הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט:

9 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען פֶערזִיכֶערוּנְג פוּן יָסוֹן אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זֵייא פְרֵייא גֶעלָאזְט:

10 אוּנְד דִיא בְּרִידֶער הָאבֶּען בַּאלְד פוּלוּס אוּנְד סִילָא בֵּייא דֶער נַאכְט אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט קֵיין בִּירוּאָה. אוּנְד ווִיא זֵייא זֶענֶען אַהִינְגֶעקוּמֶען, זֶענֶען זֵייא גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער יוּדִישֶׁער שׁוּל אַרֵיין:

11 אוּנְד דִיא וַוארֶען אֵיידֶעלֶער ווִיא דִיא אִין תֶּעסַאלוֹנִיקָא, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען עֶנְטְפַאנְגֶען דָאס וָוארְט מִיט דֶעם גַאנְצֶען ווִילֶען, אוּנְד הָאבֶּען טֶעגְלִיךְ גֶעפָארְשְׁט דִיא שְׁרִיפְט אוֹיבּ עֶס אִיז אַזוֹי רֶעכְט:

12 דָארוּם הָאבֶּען פִילֶע פוּן זֵייא גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד נִיט ווֵיינִיג פוּן דִיא גְרִיכִישֶׁע אַנְשְׁטֶענְדִיגֶע ווֵייבֶּער אוּנְד פוּן דִיא מֶענֶער:

13 אוּנְד ווִיא דִיא יוּדֶען פוּן תֶּעסַאלוֹנִיקָא הָאבֶּען גֶעוָואר גֶעוָוארֶען אַז פוּלוּס הָאט אִין בִּירוּאָה אוֹיךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס וָוארְט פוּן גָאט, זֶענֶען זֵייא אוֹיךְ אַהִין גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען דָאס פָאלְק אוֹיפְגֶעהֶעצְט:

14 אַזוֹי הָאבֶּען בַּאלְד דִיא בְּרִידֶער פוּלוּס אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אַז עֶר זָאל גֵיין בִּיז צוּם יַם; אָבֶּער סִילָא אוּנְד טִימוֹתִיוּס זֶענֶען דָארְטֶען גֶעבְּלִיבֶּען:

15 אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען פוּלוּס בֶּעגְלֵייט הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט בִּיז קֵיין אַתִּינַס; אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען אֵיין בֶּעפֶעל מִיטְגֶענוּמֶען צוּ סִילָא אוּנְד טִימוֹתִיוּס, אַז זֵייא זָאלֶען ווִיא צוּם גֶעשְׁווִינְדֶסְטֶען צוּ אִיהְם קוּמֶען, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען:

16 אוּנְד וֶוען פוּלוּס הָאט אוֹיף זֵייא גֶעווַארְט אִין אַתִּינַס אַזוֹי ווַאר זֵיין גֵייסְט דֶערְצֶערְנְט אִין אִיהְם, וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט הָאט גֶעדִינְט אָפְּגֶעטֶער:

17 אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט אִין דֶער שׁוּל מִיט דִיא יוּדֶען אוּנְד מִיט דִיא גָאטְספָארְכְטִיגֶע, אוּנְד אוֹיף דֶעם מַארְק אַלֶע טָאג מִיט וֶועמֶען עֶר הָאט זִיךְ בֶּעגֶעגֶענְט:

18 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פִילוּסוּפִים פוּן דִיא אַפִּיקוֹרְסִים אוּנְד סְטוֹאִיקֶערְס הָאבֶּען זִיךְ מִיט אִיהְם מְפַלְפֵּל גֶעוֶועזֶען. אוּנְד עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס ווִיל דִיזֶער בַּלמוּט זָאגֶען? אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס שֵׁיינְט אַז עֶר פַארְקִינְדִיגְט פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, וָוארִין עֶר פְּרֶעדִיגְט

צו זייא פון ישוע אונד תחית המתים:

19 אונד זייא האבען איהם געפיהרט אויף דעם ריכטערפלאץ, אונד האבען געזאגט, קענען מיר ניט וויסען וואס דיא נייע לערנונג איז פון וועלכע דוא טוסט רעדען?

20 וואָרין דוא ברענגסט עפעס פרעמדע זאכען צו אונזערע אויערען; דרום ווילען מיר וויסען וואס דאס איז:

21 אונד אלע לייט פון אתינס אונד דיא פרעמדע וואס וואָרען דארטען האבען דיא צייט אנדערשט ניט פארבראכט, נייערט עפעס נייעס צו זאגען אָדער צו הערען:

22 אונד פולוס איז געשטאנען אויף דעם ריכטערפלאץ, אונד האט געזאגט, איהר מענער פון אתינס, איך זעה אז איהר זענט אין אלע זאכען זעהר אָפּגעטעריש:

23 וואָרין ווען איך בין פארבייגעגאנגען אונד האב געזעהען איירע היילינגקייטען, האב איך געפונען איין מזבח וואס וואר דרויף געשריבען,

**צו דעם אומבעקאנטען גאט,**

דרום דעם וועלכען איהר אונוויסענדליך דינט מאך איך אייך בעקאנט:

24 דער גאט וואס האט בעשאפען דיא וועלט אונד אלעס וואס איז דרינען, וויל ער איז דער האר פון הימעל אונד ערד, אזוי וואוינט ער ניט אין טעמפעלם וואס זענען מיט הענד געמאכט:

25 אונד ער ווערט אויך ניט געדינט דורך דיא הענד פון מענשען, גלייך ער בעדארף עפעס, וואָרין ער גיבט צו אלע לעבען, אונד אטום, אונד אלע זאכען:

26 אונד ער האט געמאכט פון איין בלוט אלע פעלקער פון מענשען, אז זייא זאלען וואוינען אויף דער גאנצער ערד, אונד ער האט פעסטגעזעצט דיא צייטען וואס וואָרען פריער פעראָרדענעט, אונד דיא גרענצען פון זייער וואוינונג:

27 דאס זייא זאלען זוכען דעם האר, טאמער וועלען זייא איהם דאך פיהלען אונד וועלען איהם געפינען, האטשע ער איז ניט ווייט פון איין יעדען פון אונס:

28 וואָרין אין איהם טהון מיר לעבען אונד שוועבען, אונד זענען היר. אזוי וויא עטליכע פון איירע משוררים האבען געזאגט, מיר זענען אויך זיין געשלעכט:

29 דרום וויל מיר זענען גאטס געשלעכט, אזוי קענען מיר ניט צו דענקען אז דיא גאטהייט איז גלייך צו גאלד אָדער זילבער, אָדער שטיין וואס איז געהויעט ביי איין מייסטער אונד דורך מענשליכע געדאנקען:

30 אונד גאט האט איבערגעזעהען אין דער צייט פון אונוויסענהייט, אָבער אצונד בעפעהלט ער אז אלע מענשען אין אלע ערטער זאלען תשובה טהון:

31 וואָרין ער האט אויסגעזעצט איין טאג ווען ער וועט ריכטען דיא וועלט מיט גערעכטיגקייט, דורך דעם מאן וואס ער האט אויסדערוויילט; אונד ער האט דאס פערזיכערט צו אלע ווען ער האט איהם אויפגעוועקט פון דעם טויט:

32 אונד וויא זייא האבען געהערט פון תחית המתים, אזוי האבען עטליכע געשפעט; אונד אנדערע האבען געזאגט,



מיר

מיר װעלען דיך װידער אַמאָל הערען װעגען דיזער זאַך:

33 אונד אַזוי איז פּולוס אַװעקגעגאַנגען פון צװישען זייא:

34 אונד עטליכע לייט האָבען זיך צו איהם בעהעפט, אונד האָבען געגלויבט; צװישען דיזע װאַר אויך דיונוסיוס איין שופט פון אַריופּגוס, אונד איין װייב װאָס האָט געהייסען דאַמאַריס אונד נאָך אַנדערע מיט זייא:

קאפיטעל יח

1 אונד נאָך דעם איז פּולוס אַװעקגעגאַנגען פון אַתינס, אונד איז געקומען קיין קאָרינט:

2 אונד ער האָט געפונען איין יהודי װאָס האָט געהייסען אַקװילה, װאָס װאַר געבוירען אין פּונטוס, אונד איז ניט לאַנג געקומען פון איטאַליא מיט זיין װייב פּריסקילה (װאָרין קלודיוס האָט בעפוילען אַז אַלע יודען זאָלען פון רום אַװעקציהען):

3 אַזוי איז ער צו זייא געקומען, אונד װייל ער װאַר פון דער זעלביגער מלאכה אַזוי איז ער בייא זייא געבליבען אונד האָט געאַרבייט. אונד זייער מלאכה װאַר געצעלטען צו מאַכען:

4 אונד ער האָט געזאָגט אין דער שול אַלע שבת, אונד האָט איבערגערעדט דיא יודען אונד דיא גריכען:

5 אונד װען סילא אונד טימותיוס זענען אַרופגעקומען פון מקדוניא, אַזוי װאַר פּולוס געצװוּנגען פון דעם גייסט, אונד ער האָט בעצייגט צו דיא יודען אַז ישוע איז דער משיח:

6 אָבער װען זייא האָבען זיך דערװידער געזעצט אונד האָבען געלעסטערט, אַזוי האָט ער זיין קלייד אָפּ־געשאָקעלט אונד צו זייא געזאָגט, אייער בלוט זאָל זיין איבער אייער קאָפּ, איך בין ריין. פון אַצונד אָן װעל איך גיין צו דיא גוים:

7 אונד ער איז פון דאָרטען אַװעקגעגאַנגען, אונד איז אַריינגעקומען אין דעם הויז פון איין מאַן װאָס האָט געהייסען יוסטוס, װאָס װאַר איין גאָטספאַרכטיגער, אונד זיין הויז װאַר געבען דער שול:

8 אונד קריספּוס איין עלצטער פון דער שול, האָט געגלויבט אָן דעם האַר, מיט זיין גאַנצען הויזגעזינד. אונד פילע פון דיא קאָרינטער װאָס האָבען איהם געהערט, האָבען געגלויבט אונד זענען געטויפט געװאָרען:

9 אונד דער האַר האָט געזאָגט צו פּולוס דורך איין געזיכט אין דער נאַכט, פאַרכט דיך ניט, נייערט רעד אונד שװייג ניט שטיל:

10 װאָרין איך בין מיט דיר, אונד קיינער װעט זיך ניט אונטערשטיין דיר שלעכטעס צו טהון. װאָרין איך האָב איין גרויס פאָלק אין דיזער שטאָט:

11 אונד ער איז דאָרט געבליבען איין יאָהר אונד זעקס חדשים, אונד האָט צװישען זייא געלעהרט דאָס װאָרט פון גאָט:

12 אונד װען גאַליון װאַר דער דעפּאַטירטער פון אַכיא, אַזוי זענען דיא יודען מיט אַמאָל אויפגעשטאַנען קעגען פּולוס, אונד האָבען איהם געבראַכט צום משפּט:

13 אונד האָבען געזאָגט, דיזער איבעררעדט דיא לייט זייא זאָלען גאָט דינען ניט נאָך דער תורה:

14 אונד װיא פּולוס האָט געװאָלט

דָאס מויל עֶפֶענֶען, אַזוֹי הָאט גַאלִיוֹן גֶעזָאגְט צוּ דִיא יוּדֶען, װֶען דָאס זָאל זַיין עֶפֶּעס אַיין אוּמְרֶעכְט אָדֶער אַיינֶע בֵּייזֶע שַׁאלְקְהֵייט, אוֹי אִיהְר יוּדֶען, אַזוֹי װֶער עֶס רֶעכְט אִיךְ זָאל אַייךְ צוּהֶערֶען:

15 אָבֶּער װֶען עֶס אִיז אַיינֶע פְרַאגֶע װֶעגֶען װֶערְטֶער אוּנְד גֶעמֶען אוּנְד װֶעגֶען אַיירֶע תּוֹרָה, אַזוֹי זֶעהְט אִיהְר דֶערְצוּ. װָארִין אִיךְ װִיל נִיט זַיין קֵיין רִיכְטֶער אִיבֶּער דִיזֶע זַאכֶען:

16 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַװֶעקְגֶעטְרִיבֶּען פוּן דֶעם רִיכְטֶערשְׁטוּל:

17 אוּנְד אַלֶע גְרִיכֶען הָאבֶּען גֶענוּמֶען סָאסְתֶּנִים, דֶעם עֶלְצְטֶען פוּן דֶער שוּל, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען פַאר דֶעם רִיכְטֶערשְׁטוּל. אוּנְד גַאלִיוֹן הָאט זִיךְ דְרוּים גָאר נִיט גֶעמַאכְט:

18 אָבֶּער פּוֹלוֹס אִיז נָאךְ דָארְטֶען גֶעבְּלִיבֶּען אַיינֶע לַאנְגֶע צֵייט, אוּנְד װֶען עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט מִיט דִיא בְּרִידֶער, הָאט עֶר זִיךְ אַװֶעקְגֶעשִׁיפְט קֵיין סוּרְיָא, אוּנְד פְּרִיסְקִילָה אוּנְד אַקְװִילָה װַארֶען מִיט אִיהְם. אוּנְד עֶר הָאט זַיין קָאפּ גֶעשׁוֹירֶען אִין קֶנְכְרִיאָה, װָארִין עֶר הָאט אוֹיף זִיךְ גֶעהַאט אַיין נֶדֶר:

19 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין עֶפֶעזוּס, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא דָארְטֶען אִיבֶּערְגֶעלָאזְט. אָבֶּער עֶר אִיז אִין דֶער שוּל אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶערֶעט מִיט דִיא יוּדֶען:

20 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל בֵּייא זֵייא לֶענְגֶער בְּלֵייבֶּען, אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גֶעװָאלְט:

21 נֵייעֶרְט עֶר הָאט זִיךְ מִיט זֵייא גֶעזֶעגֶענְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ מוּז דוּרְכְאוֹיס דֶעם קוּנְפְטִיגֶען יוֹם טוֹב אִין יְרוּשָׁלַיִם הַאלְטֶען, אָבֶּער אִיךְ װִיל, מִיט גָאטְס װִילֶען װִידֶער צוּ אַייךְ צוּרִיק קוּמֶען. אוּנְד עֶר אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען פוּן עֶפֶעזוּס:

22 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין קֵסַרְיָא, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט דִיא גֶעמֵיינְדֶע גֶעגְרִיסְט, אוּנְד אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען קֵיין אַנְטְיוֹכְיָא:

23 אוּנְד װֶען עֶר הָאט זִיךְ דָארְטֶען אַיינֶע צֵייט פֶערְװֵיילְט, אִיז עֶר אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר אִיז דוּרְכְגֶעפָארֶען דָאס לַאנְד גַאלַאטְיָא, אוּנְד פְרוּגְיָא, אוּנְד הָאט גֶעשְׁטַארְקְט אַלֶע תַּלְמִידִים:

24 אוּנְד אַיין יְהוּדִי אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין עֶפֶעזוּס װָאס הָאט גֶעהֵייסֶען אַפּוֹלוֹס, װָאס װַאר גֶעבּוֹירֶען אִין אַלֶכְּסַנְדְרִיָא, אוּנְד װַאר אַיין בֶּערֶעדְטֶער מַאן, אוּנְד מֶעכְטִיג אִין דֶער שְׁרִיפְט:

25 דִיזֶער װַאר גֶעלֶעהְרְט אִין דֶעם װֶעג פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד װַאר לֶעבְּהַאפְטִיג אִים גֵייסְט, אוּנְד עֶר הָאט פְלֵייסִיג גֶעשְׁפְּרָאכֶען אוּנְד גֶעלֶעהְרְט װֶעגֶען דֶעם הַאר, אוּנְד הָאט נָאר גֶעװְאוּסְט פוּן דֶער טוֹיפֶע פוּן יוֹחָנָן:

26 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען עֶפֶענְטלִיךְ צוּ לֶעהְרֶען אִין דֶער שוּל. אוּנְד װֶען אַקְװִילָה אוּנְד פְּרִיסְקִילָה הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם נָאךְ בֶּעסֶער דֶערְקְלֶערְט דֶעם װֶעג פוּן גָאט:

27 אוּנְד װִיא עֶר הָאט גֶעװָאלְט רֵייזֶען קֵיין אַכָיָא, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא בְּרִידֶער גֶעשְׁרִיבֶּען צוּ דִיא תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא גֶעבֶּעטֶען אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם אוֹיפְנֶעמֶען. אוּנְד װֶען עֶר אִיז

אַהִין גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט עֶר פִיל
גֶעהָאלְפֶען דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעגְלֵייבְּט
דוּרְךְ דֶער גְנָאד :
28 וָוארִין עֶר הָאט בְּעשְׁטֶענְדִיג דִיא
יוּדֶען אִיבֶּער גֶעוִויזֶען, אוּנְד הָאט זֵייא
עֶפֶענְטלִיךְ גֶעצֵייגְט אוֹיס דֶער שְׁרִיפְט
אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער מָשִׁיחַ :

## קאפיטעל יט

1 אוּנְד עֶס וואר וָוען אַפּוֹלוֹס אִיז גֶעוֶועז־
זֶען אִין קָארִינְט אַזוֹי אִיז פּוֹלוּס אַרוּמְגֶע־
נַאנְגֶען אִין דִיא אוֹיבֶּערשְׁטֶע לֶענְדֶער,
אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין עֶפֶעזוּס ; אוּנְד
עֶר הָאט גֶעפוּנֶען עֶטְלִיכֶע תַּלְמִידִים :
2 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
הָאט אִיהְר עֶנְטפַאנְגֶען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ
זִינְט אִיהְר הָאט גֶעגְלֵייבְּט? אוּנְד זֵייא
הָאבֶען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶען
נִיט אַמָאל גֶעהֶערְט אוֹיבּ עֶס אִיז
פַארְהַאנְדֶען אֵיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ :
3 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, צוּ
וָואס זֶענְט אִיהְר דֶען גֶעטוֹיפְט גֶע־
וָוארֶען? אוּנְד זֵייא הָאבֶען גֶעזָאגְט, צוּ
דֶער טוֹיפֶע פוּן יוֹחָנָן :
4 אוּנְד פּוֹלוּס הָאט גֶעזָאגְט, יוֹחָנָן
הָאט גֶעטוֹיפְט מִיט דֶער טוֹיפֶע פוּן
תְּשׁוּבָה אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּם פָאלְק
אַז זֵייא זָאלֶען גְלוֹיבֶען אָן אִיהְם וָואס
קוּמְט נָאךְ אִיהְם, דָאס הֵייסְט אָן יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ :
5 אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶע־
הֶערְט, זֶענֶען זֵייא גֶעטוֹיפְט גֶעוָוארֶען
אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ :
6 אוּנְד וָוען פּוֹלוּס הָאט דִיא הֶענְד
אוֹיף זֵייא, גֶעלֵייגְט, אַזוֹי אִיז דֶער רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ אוֹיף זֵייא גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶערֶעט מִיט לְשׁוֹנוֹת אוּנְד
הָאבֶען נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט :
7 אוּנְד עֶס וַוארֶען אִין אַלֶעם אַן עֶרֶךְ
פוּן צְוֶועלְף מֶענֶער ?
8 אוּנְד עֶר אִיז אִין דֶער שׁוּל אַרֵיינְ־
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט עֶפֶענְטלִיךְ גֶע־
שְׁפְּרָאכֶען דְרֵייא חֳדָשִׁים לַאנְג, אוּנְד
עֶר הָאט זִיךְ מְפַלְפֵּל גֶעוֶועזֶען אוּנְד
הָאט זֵייא אִיבֶּער גֶערֶעט וֶועגֶען דִיא
זַאכֶען פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט :
9 אָבֶּער וֶוען עֶטְלִיכֶע וַוארֶען פַארְ־
שְׁטָאקְט אוּנְד הָאבֶען נִיט גֶעגְלֵייבְּט
אוּנְד הָאבֶּען דִיזֶען וֶועג גֶעלֶעסְטֶערְט
פָאר דֶעם פָאלְק, אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא
אוֹיסְגֶעוַוייכְט, אוּנְד הָאט אָפְּגֶעשֵׁיידֶעט
דִיא תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאט טֶעגְלִיךְ גֶע־
רֶעט אִין דֶער שׁוּל פוּן אֵיין מַאן וָואס
הָאט גֶעהֵייסֶען טִירַאנוּס:
10 אוּנְד דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען צְוֵייא
יָאהְר לַאנְג, בִּיז אַלֶע וָואס הָאבֶען גֶע־
וְואוֹינְט אִין אַזְיָא, יוּדֶען אוּנְד גְרִיכֶען,
הָאבֶען גֶעהֶערְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר יֵשׁוּעַ :
11 אוּנְד גָאט הָאט גְרוֹיסֶע גְבוּרוֹת
גֶעטְהוּן דוּרְךְ דִיא הֶענְד פוּן פּוֹלוּס :
12 אַזוֹי דָאס מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט
פוּן זֵיין לֵייב טִיכֶער אוּנְד גַארְטלֶען צוּ
דִיא קְרַאנְקֶע, אוּנְד דִיא קְרֶענְק הָאבֶען
זֵייא פַארְלָאזְט, אוּנְד דִיא אוּמְרֵיינֶע
רוּחוֹת זֶענֶען פוּן זֵייא אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען :
13 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא יוּדִישֶׁע
וַואנְדֶערֶערְס וָואס וַוארֶען בֶּעשְׁוֶוערֶערְס,
הָאבֶען זִיךְ אוּנְטֶערְגֶענוּמֶען אָנְצוּרוּפֶען
דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ אִיבֶּער
דִיא וָואס הָאבֶען גֶעהַאט אוּמְרֵיינֶע
רוּחוֹת, אוּנְד הָאבֶען גֶעזָאגְט מִיר בֶּע־
שְׁוֶוערֶען אֵייךְ בֵּייא יֵשׁוּעַ, וֶועלְכֶען
פּוֹלוּס פְּרֶעדִיגְט :
14 אוּנְד סְקֶוָא, דֶער יוּדִישֶׁער כֹּהֵן

גָרוֹל הָאט גֶעהַאט זִיבֶּען זִיהְן וָואס הָאבֶּען דָאס גֶעטְהוּן׃

15 אָבֶּער דֶער בֵּייזֶער רוּחַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, יֵשׁוּעַ קֶען אִיךְ, אוּנְד פּוֹלוֹס קֶען אִיךְ אוֹיךְ, אָבֶּער וֶוער זֶענְט אִיהְר?

16 אוּנְד דֶער מַאן וָואס הָאט גֶעהַאט דֶעם אוּמְרֵיינֶען רוּחַ אִיז אוֹיף זֵייא גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, אוּנְד הָאט זֵייא בֵּייגֶעקוּמֶען, בִּיז זֵייא זֶענֶען אוֹיס דֶעם הוֹיז אַרוֹיסְגֶעלָאפֶען נַאקֶעט אוּנְד פַארְוואוּנְדֶעט׃

17 אוּנְד דָאס וַואר בֶּעקֶענְט צוּ אַלֶע יוּדֶען אוּנְד גְרִיכֶען וָואס הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט אִין עֶפֶעזוּס. אוּנְד עֶס אִיז אוֹיף זֵייא אַלֶע גֶעפַאלֶען אֵיינֶע פוּרְכְט, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ וַואר דֶערהֵייבְּט׃

18 אוּנְד פִילֶע פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעגְלֵייבְּט זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען מִתְוַדֶּה גֶעוֶועזֶען, אוּנְד הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט זֵיירֶע מַעֲשִׂים׃

19 אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען כִּישׁוּף גֶעטְרִיבֶּען הָאבֶּען זֵיירֶע בִּיכֶער צוּזַאמֶען גֶעבְּרַאכְט אוּנְד הָאבֶּען זֵייא פֶערְבְּרֶענְט צוּ פַאר אַלֶע. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֶּערֶעכֶענְט דֶעם פְּרֵייז דֶערְפוּן, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפוּנֶען אַז עֶס הָאט בֶּעטְרָאפֶען פִיפְצִיג טוֹיזֶענְד שְׁטִיק זִילְבֶּער׃

20 אַזוֹי מֶעכְטִיג אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר גֶעוַואקְסֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט׃

21 אוּנְד וֶוען דָאס וַואר גֶעעֶנְדִיגְט, אַזוֹי הָאט זִיךְ פּוֹלוֹס פָארְגֶענוּמֶען אִין דֶעם גֵייסְט צוּ רֵייזֶען דוּרְךְ מַקְדוֹנִיָא אוּנְד אַכָאיָא, אוּנְד צוּ גֵיין קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נָאכְדֶעם וֶוען אִיךְ וֶועל דָארְטֶען זֵיין אַזוֹי מוּז אִיךְ אוֹיךְ רוֹם זֶעהֶען׃

22 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט קֵיין מַקְדוֹנִיָא צְוֵויא וָואס הָאבֶּען אִיהְם בֶּעדִינְט, טִימוֹתִיוֹס אוּנְד עֶרַאסְטוּס, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אֵיינֶע צֵייט פֶערְווֵיילְט אִין אַזְיָא׃

23 אוּנְד צוּ דִיזֶער צֵייט וַואר אֵיין גְרוֹיסֶער רַעַשׁ וֶועגֶען דִיזֶען וֶועג׃

24 וָוארִין אֵיין מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען דִימֶעטְרִיוּס, אֵיין גָאלְדְשְׁמִיד וָואס פְלֶעגְט צוּ מַאכֶען קְלֵיינֶע זִילְבֶּערְנֶע טֶעמְפֶּעלְס צוּ דִיאַנָא, דָאס פְלֶעגְט צוּ דִיא בַּעַל מְלָאכוֹת נִיט וֵוייניג גֶעוִוינְסְט אֵיינְצוּבְּרֶענְגֶען׃

25 עֶר הָאט זֵייא צוּזַאמֶען גֶערוּפֶען אוּנְד אוֹיךְ אַנְדֶערֶע בַּעַל מְלָאכוֹת פוּן דֶער גְלֵייכֶען זַאכֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער, אִיהְר ווֵייסְט אַז מִיר הָאבֶּען אוּנְזֶער פַּארְמֶעגֶען בֵּייא דִיזֶער מְלָאכָה׃

26 אָבֶּער אִיהְר זֶעהְט דָאךְ אוּנְד הֶערְט, אַז נִיט אַלֵיין אִין עֶפֶעזוּס, נֵייעֶרְט אוֹיךְ כִּמְעַט אִין גַאנְץ אַזְיָא הָאט דִיזֶער פּוֹלוֹס אִיבֶּער גֶערֶעט אוּנְד אָבְּגֶעקֶעהְרְט פִיל לֵייט, אוּנְד זָאגְט, אַז דָאס זֶענֶען נִיט קֵיינֶע גֶעטֶער וָואס וֶוערֶען מִיט הֶענְד גֶעמַאכְט׃

27 אוּנְד נִיט אַלֵיין אִיז דִיזֶער אוּנְזֶער הַאנְדֶעל אִין סַכָּנָה צוּ נִישְׁט צוּ קוּמֶען, נֵייעֶרְט אוֹיךְ דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן דֶער גְרוֹיסֶער גֶעטֶען דִיאַנָא וֶועט פַאר נִישְׁט גֶעמַאכְט וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְר גְדוּלָה וֶועט אוּנְטֶער גֵיין, צוּ וֶועלְכֶער גַאנְץ אַזְיָא אוּנְד דִיא וֶועלְט הָאט גֶעדִינְט׃

28 אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אוּנְד וַוארֶען פוּל מִיט צָארְן,

הָאבֶען זַייא גֶעשְׂרִיגֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, גְרוֹים אִיז דִיאַנָא פוּן דִיא עֶפֶעזֶער:

29 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט וַואר פוּל מִיט גֶעטוּמֶעל; אוּנְד זַייא הָאבֶען אָנ־גֶעהַאפְּט גַאיוּס אוּנְד אַרִיסְטַרְכוּס אוֹיס מַקֶדוֹנְיָא, וָואס הָאבֶען גֶערַייזְט מִיט פּוֹלוּס, אוּנְד זֶענֶען מִיט אַמָאל אַרַיין גֶעלָאפֶען אִין דֶעם טֶעאַטֶער אַרַיין:

30 אוּנְד וֶוען פּוֹלוּס הָאט גֶעווָאלְט אַרַיין גַיין צְווִישֶׁען דֶעם פָּאלְק, אַזוֹי הָאבֶען אִיהְם דִיא תַּלְמִידִים נִיט גֶע־לָאזְט:

31 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן אַזְיָא וָואס וַוארֶען זַיינֶע פְרַיינְד הָאבֶען צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאבֶען גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל זִיךְ נִיט דֶערְוָוא־גֶען אִין דֶעם טֶעאַטֶער אַרַיין צוּ גַיין:

32 אוּנְד אִיטְלִיכֶער הָאט עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁט גֶעשְׁרִיגֶען, וָוארִין דִיא גֶע־מַיינְדֶע וַואר פַארְטוּמֶעלְט, אוּנְד דִיא מַיינְסְטֶע הָאבֶען נִיט גֶעווְאוּסְט פוּן וֶועסְט וֶועגֶען זַייא זֶענֶען זִיךְ צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען:

33 אוּנְד זַייא הָאבֶען אַלֶכְּסַנְדֶער אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם פָאלְק, וָוארִין דִיא יוּדֶען הָאבֶען אִיהְם אַרוֹיסְגֶעשְׁטוֹיסֶען. אָבֶער אַלֶכְּסַנְדֶער הָאט גֶעווִינְקְט מִיט דֶער הַאנְד, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעווָאלְט פֶערְטֵיידִיגֶען פַאר דֶעם פָאלְק:

34 אוּנְד וִויא זַייא הָאבֶען גֶעוָואר גֶעוָוארֶען אַז עֶר אִיז אַיין יְהוּדִי, אַזוֹי הָאבֶען אַלֶע גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַיין קוֹל פַאר צְווַייא שָׁעָה לַאנְג, גְרוֹיס אִיז דִיאַנָא פוּן דִיא עֶפֶעזֶער:

35 אָבֶער דֶער קַאנְצְלֶער הָאט דִיא לַייט גֶעשְׁטִילְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער פוּן עֶפֶעזוּס! וֶועלְכֶער מֶענְשׁ וַוייסְט נִיט אַז דִיא שְׁטָאט עֶפֶעזוּס דִינְט צוּ דֶער גְרוֹיסֶער גֶעטֶען דִיאַנָא, אוּנְד צוּם בִּילְד וָואס אִיז אַרוּפְגֶעפַאלֶען פוּן יוּפִּיטֶער:

36 אוּנְד אַז דָאס קֶען נִיט אָפְּגֶע־לַייקֶענְט וֶוערֶען, אַזוֹי קֶערְט אִיהְר שְׁטִיל צוּ זַיין אוּנְד קֵיין זַאךְ נִיט אֵיילֶענְדִיג צוּ טְהוּן:

37 וָוארִין אִיהְר הָאט דִיזֶע מֶענֶער אַהֶער גֶעבְּרַאכְט, וָואס הָאבֶען נִיט גֶערוֹיבְּט דֶעם טֶעמְפֶּעל, אוּנְד הָאבֶען נִיט גֶעלֶעסְטֶערְט אֵייעֶרֶע גֶעטֶען:

38 אוּנְד וֶוען דִימֶעטְרִיוּס אוּנְד דִיא בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם הָאבֶען עֶפֶּעס קֶעגֶען אִימִיצֶען, אַזוֹי זֶענֶען פַארְהַאנְדֶען מִשְׁפָּטִים, אוּנְד דָא זֶענֶען דֶעפָּאטִירְטֶע, לָאזֶען זַייא זִיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן פַארְקְלָאגֶען:

39 אוּנְד וֶוען אִיהְר ווִילְט עֶפֶּעס טְהוּן וֶועגֶען אַנְדֶערֶע זַאכֶען אַזוֹי מוּז עֶס בֶּעשְׁלָאסֶען וֶוערֶען בֵּייא אֵיין גֶעזֶעצְ־לִיכֶער פֶערזַאמְלוּנְג:

40 וָוארִין מִיר זֶענֶען אִין אֵיין סַכָּנָה פַאר־קְלָאגְט צוּ וֶוערֶען וֶועגֶען דֶעם הֵיינְטִיגֶען אוֹיפְרוּהְר אוּנְד עֶס אִיז קֵיין זַאךְ נִיט פַארְהַאנְדֶען מִיט וָואס מִיר קֶענֶען זִיךְ פַארֶענְטפֶערְן פַאר דִיזֶער פֶערְזַאמְלוּנְג:

41 אוּנְד וִויא עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט עֶר דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג אַוֶועקְ־גֶעשִׁיקְט:

## קאפיטעל כ

1 אוּנְד וֶוען דָאס גֶעטוּמֶעל הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט פּוֹלוּס דִיא תַּלְמִידִים צוּ זִיךְ גְערוּפֶען אוּנְד הָאט זִיךְ מִיט זַייא גֶעזֶעגֶענְט, אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ רֵייזֶען קֵיין מַקֶדוֹנְיָא:

2 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דִיזֶע לֶענְדֶער

דוּרְכְגֶעוָעֶרייזְט אוּנְד הָאט זַייא דֶערְמָאנְט מִיט פִילֶע רֵייד, אַזוֹי אִיז עֶר גֶעקוּמֶען קֵיין גְרִיכֶענְלַאנְד׃

3 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ דָארְטֶען פַארְווַיילְט דְרֵייא חֳדָשִׁים. אוּנְד וֶוען דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם גֶעלוּיעֶרְט, וֶוען עֶר הָאט גֶעוָואלְט רֵייזֶען קֵיין סוּרְיָא, אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ בֶּעדֶענְקְט צוּרִיק צוּ קֶערֶען קֵיין מַקֶדוֹנְיָא׃

4 אוּנְד עֶס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעפָארֶען בִּיז אַזְיָא, סוֹפַּטְרוֹס פוּן בִּירוֹאָה, אַרִיסְטַרְכוּס אוּנְד סֶעקוּנְדוּס פוּן תֶעסַלוֹנִיקָא, אוּנְד גַאיוּס פוּן דֶערְבִּי, אוּנְד טִימוֹתִיוּס, אוּנְד פוּן אַזְיָא טִיכִיקוּס אוּנְד טְרָאפִימוּס׃

5 דִיזֶע זֶענֶען פָאראוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען אוֹיף אוּנְס גֶעוַוארְט אִין טְרוֹאַס׃

6 אוּנְד נָאךְ פֶּסַח הָאבֶּען מִיר זִיךְ אַוֶועקְגֶעשִׁיפְט פוּן פִילִיפִּי, אוּנְד זֶענֶען צוּ זַייא גֶעקוּמֶען קֵיין טְרוֹאַס אִין פִינְף טֶעג, אוּנְד זֶענֶען דָארְטֶען גֶעבְּלִיבֶּען זִיבֶּען טֶעג׃

7 אוּנְד אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶער וָואךְ, וֶוען דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען זִיךְ צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען בְּרוֹיט צוּ בְּרֶעכֶען, אַזוֹי הָאט פּוֹלוּס צוּ זַייא גֶעפְּרֶעדִיגְט, אוּנְד הָאט גֶעוָואלְט דֶעם אַנְדֶערְן טָאג אָפְּרֵייזֶען. אוּנְד עֶר הָאט זַיינֶע דְרָשָׁה גֶעהַאלְטֶען בִּיז אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט׃

8 אוּנְד דָא וַוארֶען פִילֶע לִיכְט אוֹיף דֶעם בּוֹידֶעם וְואוּ זַייא פְלֶעגֶען זִיךְ צוּזַאמֶען צוּ קוּמֶען׃

9 אוּנְד אֵיין יוּנְגֶער מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען אִיטִיכוּס אִיז גֶעזֶעסֶען בֵּייא דֶעם פֶענְסְטֶער, אוּנְד אִיז אִין אֵיין טִיפֶען שְׁלָאף גֶעפַאלֶען. אוּנְד וֶוען פּוֹלוּס הָאט לַאנְג גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט אִיהְם דֶער שְׁלָאף בֵּייגֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר אִיז פוּן דֶעם דְרִיטֶען גָארֶען אַרוּפְּגֶעפַאלֶען, אוּנְד וַואר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען טוֹיטֶערְהֵייט׃

10 אוּנְד פּוֹלוּס אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען אוּנְד אִיז אוֹיף אִיהְם גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם אַרוּמְגֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דֶערשְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט, וָוארִין זַיינֶע נְשָׁמָה אִיז אִין אִיהְם׃

11 אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעבְּרָאכֶען בְּרוֹיט אוּנְד הָאט גֶעגֶעסֶען. אוּנְד עֶר הָאט נָאךְ פִיל מִיט זַייא גֶערֶעט, בִּיז עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארֶען, אוּנְד אַזוֹי אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען׃

12 אוּנְד זַייא הָאבֶּען דֶעם יוּנְגֶען מַאן לֶעבֶּעדִיג צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט אוּנְד זַייא וַוארֶען זֵייעֶר גֶעטְרֵייסְט׃

13 אוּנְד מִיר זֶענֶען פְרִיר אִין אֵיין שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעשִׁיפְט קֵיין אַסוֹס, אוּנְד דָארְטֶען הָאבֶּען מִיר גֶעוָואלְט פּוֹלוּס אַרוֹיפְנֶעמֶען. וָוארִין עֶר הָאט אַזוֹי בֶּעפוֹילֶען, וַוייל עֶר אִיז צוּ פוּס גֶעגַאנְגֶען׃

14 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זִיךְ מִיט אוּנְס בֶּעגֶעגֶענְט אִין אַסוֹס, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר אִיהְם אוֹיפְגֶענוּמֶען, אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין מִיטוּלִינִי׃

15 אוּנְד מִיר הָאבֶּען זִיךְ פוּן דָארְטֶען ווַייטֶער גֶעשִׁיפְט, אוּנְד זֶענֶען צוּ מָארְגֶען גֶעקוּמֶען קֶעגֶען אִיבֶּער כִּיוֹס. אוּנְד דֶעם אַנְדֶערְן טָאג זֶענֶען מִיר גֶעקוּמֶען נָאהְנְט צוּ סַאמוֹס, אוּנְד זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען אִין טְרַאגִילִיוּם, אוּנְד דֶעם נֶעכְסְטֶען טָאג זֶענֶען מִיר גֶעקוּמֶען קֵיין מִילֶעטוּס׃

16 אוּנְד פּוֹלוּס הָאט בֶּעשְׁלָאסֶען עֶר זָאל עֶפֶעזוּס פַארְבֵּייא שִׁיפֶען, אַז עֶר זָאל נִיט דִיא צֵייט פַארְבְּרֶענְגֶען אִין אַזְיָא, וָוארִין עֶר הָאט זִיךְ גֶעאֵיילְט צוּ

זַיין אִין יְרוּשָׁלַיִם אוֹיף שְׁבוּעוֹת, װֶען עֶס זָאל מֶעגְלִיךְ זַיין :

17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט פוּן מִילֶעטוּס קֵיין עֶפֶעזוּס, אוּנְד הָאט גֶערוּפֶען דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע :

18 אוּנְד װֶען זֵייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר װֵייסְט פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אָן װָען אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען קֵיין אַזְיָא, וִויא אִיךְ בִּין בֵּייא אֵייךְ גֶעוֶועזֶען דִיא גַאנְצֶע צַייט :

19 וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעדִינְט דֶעם הַאר מִיט אַלֶער נִידְרִיגְקֵייט אוּנְד מִיט פִיל טְרֶערֶען אוּנְד פְּרִיפוּנְגֶען, װָאס אִיז מִיר װִידֶערְפָאהְרֶען פוּן דִיא יוּדֶען װָאס הָאבֶּען אוֹיף מִיר גֶעלוֹיעֶרְט :

20 וִויא אִיךְ הָאבּ נִיט צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען װָאס וַואר נִיצְלִיךְ פַאר אֵייךְ, נֵייעֶרְט אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעוִויזֶען אוּנְד גֶעלֶעהְרְט, עֶפֶענְטְלִיךְ אוּנְד פוּן הוֹיז צוּ הוֹיז :

21 אוּנְד הָאבּ בֶּעצֵייגְט צוּ יוּדֶען אוּנְד גְרִיכֶען דִיא תְּשׁוּבָה צוּ גָאט, אוּנְד גְלוֹיבֶּען אָן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ :

22 אוּנְד נוּן, זֶעהְט, אִיךְ גֵייא גֶעבּוּנְדֶען אִין דֶעם גֵייסְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד וֵויים נִיט װָאס װֶעט מִיר דָארְט בֶּעגֶעגְנֶען :

23 חוּץ דָאס װָאס דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ בֶּעצֵייגְט אִין אִיטְלִיכֶער שְׁטָאט, אוּנְד זָאגְט אַז קֵייטֶען אוּנְד צָרוֹת וַוארְטֶען אוֹיף מִיר :

24 אָבֶּער אִיךְ מַאךְ מִיר נִיט אוֹיס קֵיין זַאךְ, אוּנְד אִיךְ הַאלְט נִיט מֵיין לֶעבֶּען טֵייעֶר צוּ מִיר זֶעלְבְּסְט, כְּדֵי אִיךְ זָאל עֶנְדִיגֶען מֵיין לוֹיף מִיט פְרֵיידֶען, אוּנְד דֶעם דִינְסְט װָאס אִיךְ הָאבּ עֶנְטְפַאנְגֶען פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, צוּ בֶּעצֵייגֶען דִיא בְּשׂוֹרָה פוּן דֶער גְנָאד פוּן גָאט :

25 אוּנְד אַצוּנְד זֶעהְט, אִיךְ וֵויים אַז אִיהְר אַלֶע, צְוִוישֶׁען װֶעמֶען אִיךְ בִּין אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבּ גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, װֶעט נִיט מֶעהְר זֶעהֶען מֵיין פָּנִים :

26 דְרוּם בֶּעצֵייגֶע אִיךְ אֵייךְ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג, אַז אִיךְ בִּין רֵיין פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן אַלֶע :

27 וָוארִין אִיךְ הָאבּ נִיט פַארְמִיטֶען אֵייךְ צוּ צֵייגֶען דֶעם גַאנְצֶען (רַאטשְׁלוּס) עֵצָה פוּן גָאט :

28 דְרוּם גִיבְּט אַכְטוּנְג אוֹיף אֵייךְ זֶעלְבְּסט, אוּנְד אוֹיף אַלֶע שָׁאף, אִיבֶּער װעלְכֶע דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ הָאט אֵייךְ גֶעמַאכְט אוֹיפְזֶעהֶערְס, אַז אִיהְר זָאלְט וַויידֶען דִיא גֶעמֵיינְדֶע פוּן גָאט, װֶעלְכֶע עֶר הָאט גֶעקוֹיפְט מִיט זַיין אֵייגֶען בְּלוּט :

29 וָוארִין אִיךְ וֵויים דָאס, אַז נָאךְ מֵיין אַװֶעקְגֵיין װֶעלֶען בֵּייזֶע װֶעלְף צוּ אֵייךְ אַרֵיינְקוּמֶען, אוּנְד װֶעלֶען נִיט שׁוֹינֶען דִיא שָׁאף :

30 אוּנְד פוּן אֵייךְ זֶעלְבְּסְט װֶעלֶען מֶענֶער אוֹיפְשְׁטֵיין, װָאס װֶעלֶען רֶעדֶען פַארְקֶערְטֶע זַאכֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען צוּ זִיךְ צוּצִיהֶען תַּלְמִידִים :

31 דְרוּם וַואכְט אִיהְר, אוּנְד גֶעדֶענְקְט, אַז דְרֵייא יָאהְר לַאנְג הָאבּ אִיךְ נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט טָאג אוּנְד נַאכְט אִיטְלִיכֶען צוּ װָארְנֶען מִיט טְרֶערֶען :

32 אוּנְד אַצוּנְד, בְּרִידֶער, טְהוּא אִיךְ אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ גָאט, אוּנְד צוּם וָוארְט פוּן זֵיינֶער גְנָאד, װָאס אִיז מֶעכְטִיג אֵייךְ צוּ בֶּעסֶערֶען, אוּנְד אֵייךְ צוּ גֶעבֶּען אֵיינֶע עֶרְבְּשַׁאפְט צְוִוישֶׁען אַלֶע װָאס זֶענֶען גֶעהֵיילִיגְט :

33 איך הָאבּ פֿון קֵיין מֶענְשׁ נִיט בֶּעַ־
גֶערְט קֵיין זִילְבֶּער אָדֶער גָאלְד אָדֶער
קְלֵיידוּנְג׃

34 אוּנְד אִיהְר זֶעלְבּסְט ווייסְט אַז
דִיזֶע הֶענְד הָאבֶּען גֶעדִינְט צוּ מֵיינֶע
בֶּעדֶערְפְטִיגְקֵייט, אוּנְד צוּ דִיא וָואס
וַואַרֶען מִיט מִיר׃

35 אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אַלֶע גֶעלֶעהְרְט
אַז אִיהְר מוּזְט אַזוֹי אַרְבֵּייטֶען אוּנְד דִיא
שְׁוַואכֶען הֶעלְפֶען, אוּנְד אַז אִיהְר זָאלְט
גֶעדֶענְקֶען דִיא רֵייד פוּן דֶעם הַאר
יֵשׁוּעַ, וִויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז
מֶעהְר גֶעבֶּענְשְׁט צוּ גֶעבֶּען וִויא צוּ
נֶעמֶען׃

36 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט,
אַזוֹי הָאט עֶר אַנִידֶערְגֶעקְנִיעְט אוּנְד
הָאט מִיט זֵייא אַלֶע גֶעבֶּעטֶען׃

37 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַלֶע זֵייעֶר גֶע־
וַויינְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען פּוֹלוּס אוּם
דֶעם הַאלְז גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
גֶעקִישְׁט׃

38 אוּנְד זֵייא וַוארֶען צוּם אַלֶערְ־
מֵיינְסְטֶען טְרוֹיערִיג אִיבֶּער דֶעם וָוארְט
וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַז זֵייא וֶועלֶען
נִיט מֶעהְר זֶעהֶען זֵיין פָּנִים. אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְלֵייטֶעט בִּיז צוּ דֶעם
שִׁיף׃

## קאפיטעל כא

1 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען מִיר הָאבֶּען זִיךְ
פוּן זֵייא אָבְּגֶעשֵׁייט אוּנְד זֶענֶען אַוֶעק
גֶעפָארֶען, אַזוֹי זֶענֶען מִיר גֶעקוּמֶען
מִיט אֵיין גְלֵייכֶען וֶועג קֵיין קוֹאָס,
אוּנְד דֶעם אַנְדֶערְן טָאג קֵיין רוֹדוּס,
אוּנְד פוּן דָארְטֶען קֵיין פַּאטָרָה׃

2 אוּנְד מִיר הָאבֶּען דָארְט גֶעפוּנֶען
אַז אֵיין שִׁיף גֵייט אַרִיבֶּער קֵיין פִינוּקְיָא,
זֶענֶען מִיר אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ אַוֶועקְגֶעשִׁיפְט׃

3 אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען דֶערְזֶעהֶען
קַפְרוֹס, הָאבֶּען מִיר עֶס אִיבֶּערְגֶעלָאזְט
צוּ דֶער לִינְקֶער הַאנְד, אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ גֶעשִׁיפְט קֵיין סוּרְיָא, אוּנְד זֶענֶען
אָנְגֶעקוּמֶען אִין צוֹר; וָוארִין דָארְט הָאט
דָאס שִׁיף גֶעזָאלְט אִיהְר מַשָׂא אָפְּלֵייגֶען׃

4 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעפוּנֶען תַּלְמִידִים,
אוּנְד זֶענֶען דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען זִיבֶּען
טֶעג, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ
פּוֹלוּס דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט, אַז עֶר זָאל
נִיט אַרוֹיפְגֵיין קֵיין יְרוּשָׁלַיִם׃

5 אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען דִיזֶע טֶעג
גֶעעֶנְדִיגְט, אַזוֹי זֶענֶען מִיר אוּנְזֶערְן וֶועג
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוּנְס
אַלֶע בֶּעגְלֵייטֶעט מִיט זֵייעֶרֶע ווייבֶּער
אוּנְד קִינְדֶער, בִּיז אוֹיס דֶער שְׁטָאט
אַרוֹיס; אוּנְד מִיר הָאבֶּען אַנִידֶערְגֶע־
קְנִיעְט בֵּיים בָּארְטֶען פוּן יַם, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען׃

6 אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען זִיךְ מִיט
אַנַאנְדֶער גֶעזֶעגֶענְט, אַזוֹי זֶענֶען מִיר
אִין דֶעם שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ אַהֵיים אוּמְגֶעקֶעהְרְט׃

7 אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען זִיךְ אַרוֹיסְ־
גֶעשִׁיפְט קֵיין צוֹר, זֶענֶען מִיר אָנְגֶע־
קוּמֶען קֵיין פְּטַאלִימָא, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעגְרִיסְט דִיא בְּרִידֶער, אוּנְד זֶענֶען בֵּייא
זֵייא גֶעבְּלִיבֶּען אֵיין טָאג׃

8 אוּנְד דֶעם אַנְדֶערְן טָאג זֶענֶען מִיר
אַרוֹיסְגֶעפָארֶען, אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען
קֵיין קֵסַרְיָא, אוּנְד מִיר זֶענֶען אַרֵיינְ־
גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן פִילִיפּוֹס,
דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיסְט, וָואס וַואר אֵיינֶער
פוּן דִיא זִיבֶּען, אוּנְד מִיר זֶענֶען בֵּייא
אִיהְם גֶעבְּלִיבֶּען׃

9 אוּנְד דִיזֶער הָאט גֶעהַאט פִיר

טֶעכְטֶער, בְּתוּלוֹת, וָואס הָאבֶּען נְבוּאוֹת
גֶעזָאגְט׃
10 אוּנְד וָוען מִיר זֶענֶען דָארְטֶען
מֶעהְרֶערֶע טֶעג גֶעבְּלִיבֶּען, אַזוֹי אִיז אֵיין
נָבִיא אַרוּפְגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם לַאנְד
יְהוּדָה, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען אַגַאבּוּס׃
11 אוּנְד עֶר אִיז צוּ אוּנְס גֶעקוּמֶען,
אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען דֶעם גַארְטֶעל פוּן
פּוּלוֹס אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעבּוּנְדֶען הֶענְד
אוּנְד פִיס, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דָאס
זָאגְט דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אַזוֹי וֶועלֶען
דִיא יוּדֶען בִּינְדֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם דֶעם
מַאן וֶועמֶעס גַארְטֶעל דָאס אִיז, אוּנְד
וֶועלֶען אִיהם אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערְן אִין דִיא
הֶענְד אַרֵיין פוּן דִיא גוֹיִם׃
12 אוּנְד וִויא מִיר הָאבֶּען דָאס גֶע־
הֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר אוּנְד דִיא לֵייט
פוּן דִיזֶען אָרְט אִיהם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר
זָאל נִיט אַרוֹיפְגֵיין קֵיין יְרוּשָׁלַיִם׃
13 אָבֶּער פּוּלוֹס הָאט גֶעזָאגְט, וָואס
טְהוּט אִיהְר, וָואס אִיהְר וֵויינְט אוּנְד
צוּבְּרֶעכְט מֵיין הַארְץ? וָוארִין אִיךְ בִּין
אָנְגֶעבְּרֵייט נִיט אַלֵיין גֶעבּוּנְדֶען צוּ
וֶוערֶען, נֵייעֶרְט אוֹיךְ צוּ שְׁטַארְבֶּען אִין
יְרוּשָׁלַיִם פַאר דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם
הַאר יֵשׁוּעַ׃
14 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶע־
לָאזְט אִיבֶּערְרֶעדֶען, הָאבֶּען מִיר אוֹיפְ־
גֶעהֶערְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, לָאז
דֶער ווִילֶען פוּן דֶעם הַאר גֶעשֶׁעהֶען׃
15 אוּנְד נָאךְ דִיזֶע טֶעג הָאבֶּען מִיר
אוּנְזֶערֶע זַאכֶען אֵיינְגֶעפַּאקְט אוּנְד זֶענֶען
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם׃
16 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא תַּלְמִידִים
פוּן קֵסָרִיָא זֶענֶען מִיט אוּנְס גֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד הָאבֶּען מִיט זִיךְ גֶעפִיהְרְט אֵיינֶעם
מְנָסוֹן, פוּן קַפְרוֹס, אֵיין אַלְטֶער תַּלְמִיד,
בֵּייא וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען גֶעזָאלְט
אֵיינְשְׁטֵיין׃
17 אוּנְד וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין
יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי הָאבֶּען אוּנְס דִיא בְּרִידֶער
גֶערְן אוֹיפְגֶענוּמֶען׃
18 אוּנְד צוּ מָארְגֶען אִיז פּוּלוֹס מִיט
אוּנְס אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ יַעֲקֹב, אוּנְד
אַלֶע עֶלְצְטֶע זֶענֶען אַהִין גֶעקוּמֶען׃
19 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעגְרִיסְט, אוּנְד
הָאט זֵייא דֶערְצֵיילְט אֵיינְס נָאךְ דֶעם
אַנְדֶערְן, וָואס גָאט הָאט גֶעטְהוּן
צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם דוּרְךְ זֵיין דִינְסְט׃
20 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶע־
הֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גָאט גֶעלוֹיבְּט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דוּא זֶעהְסְט וְואוּיל, בְּרוּדֶער, וִויא פִיל
טוֹיזֶענְד יוּדֶען דָא זֶענֶען וָואס גְלוֹיבֶּען,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַלֶע אֵייפְרִיג פַאר דֶער
תּוֹרָה׃
21 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט וֶועגֶען
דִיר, אַז דוּא לֶעהְרְסְט אַלֶע יוּדֶען וָואס
זֶענֶען צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם זֵייא זָאלֶען
פַארלָאזֶען תּוֹרַת מֹשֶׁה, אוּנְד אוֹיךְ אַז
זֵייא זָאלֶען נִיט בֶּעשְׁנֵיידֶען דִיא קִינְדֶער,
אוּנְד זָאלֶען נִיט נָאכְגֵיין דִיא גֶעזֶעץ׃
22 אוּנְד וָואס וֶועט דֶערְמֶעהְר זֵיין?
דָאס פָאלְק וֶועט זִיךְ בְּוַדַאי צוּזַאמֶענְ־
קוּמֶען, וָוארִין זֵייא וֶועלֶען הֶערֶען אַז
דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען׃
23 דְרוּם טְהוּא דָאס וָואס מִיר זָאגֶען
דִיר. מִיר הָאבֶּען בֵּייא אוּנְס פִיר
מֶענֶער וָואס הָאבֶּען אֵיין נֶדֶר אוֹיף זִיךְ׃
24 נֶעם דִיזֶע, אוּנְד רֵיינִיג דִיךְ מִיט
זֵייא, אוּנְד לָאז דִיךְ קָאסְטֶען פַאר זֵייא,
אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ דֶעם קָאפּ שֶׁערֶען
אוּנְד אַז אַלֶע זָאלֶען ווִיסֶען אַז דָאס
וָואס זֵייא הָאבֶּען וֶועגֶען דִיר גֶעהֶערְט

אִיז נִיט וָואהְר, נֵייעֶרְט אַז דוּא זֶעלְבְּסְט וַואנְדֶעלְסְט אוֹיפְרִיכְטִיג, אוּנְד טְהוּסְט הִיטֶען דִיא תּוֹרָה:

25 אוּנְד פוּן וֶועגֶען דִיא גוֹיִם וָואס גְלֵייבֶּען, הָאבֶּען מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנְד הָאבֶּען גֶערִיכְטֶעט אַז זֵייא זָאלֶען זָאלְכֶעס נִיט הַאלְטֶען, נֵייעֶרְט אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ הִיטֶען פוּן דִיא קָרְבָּנוֹת פוּן אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד פוּן בְּלוּט, אוּנְד פוּן דֶערְוָוארְגֶענֶע זַאכֶען, אוּנְד פוּן זְנוּת:

26 אַזוֹי הָאט פּוֹלוֹס גֶענוּמֶען דִיא מֶענֶער, אוּנְד דֶעם אַנְדֶערֶן טָאג הָאט עֶר זִיךְ מִיט זֵייא גֶערֵיינִיגְט אוּנְד אִיז אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט אָנְגֶעזָאגְט דָאס אוֹיסְלָאזֶען פוּן דִיא טֶעג פוּן זֵייעֶר רֵיינִיגוּנְג, בִּיז אֵיין קָרְבָּן וֶועט גֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען פַאר אִיטְלִיכֶען פוּן זֵייא:

27 אוּנְד וֶוען דִיא זִיבֶּען טֶעג הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין בַּאלְד אוֹיסְגֶעלָאזְט, אַזוֹי הָאבֶּען אִיהְם דִיא יוּדֶען פוּן אַזְיָא גֶעזֶעהֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶעצְט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אוּנְד הָאבֶּען זֵיירֶע הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֵייגְט:

28 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען, אִיהְר מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, הֶעלְפְט. דָאס אִיז דֶער מַאן וָואס לֶערְנְט אַלֶע לֵייט אִין אַלֶע עֶרְטֶער, קֶעגֶען אוּנְזֶער פָאלְק, אוּנְד קֶעגֶען דֶער תּוֹרָה, אוּנְד דִיזֶען אָרְט; אוּנְד עֶר הָאט נָאךְ גְרִיכֶען אוֹיךְ אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד הָאט אוּמְרֵיין גֶעמַאכְט דִיזֶען הֵיילִיגֶען אָרְט:

29 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען פְרִיהֶר גֶעזֶעהֶען טְרוֹפִימוֹס פוּן עֶפֶעזוּס מִיט אִיהְם אִין דֶער שְׁטָאט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעדַאכְט אַז פּוֹלוֹס הָאט אִיהְם אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַרֵיין גֶעפִירְט:

30 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט וַואר אִין אֵיין גֶעטוּמֶעל, אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז זִיךְ צוּזַאמֶען גֶעלָאפֶען; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פּוֹלוֹס אָנְגֶענוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶעשְׁלֶעפְּט פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנְד הָאבֶּען בַּאלְד דִיא טְהִירֶען פַארְשְׁלָאסֶען:

31 אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעוָואלְט אוּמְבְּרֶענְגֶען, אַזוֹי אִיז דֶער שֵׁם אָנְגֶעקוּמֶען צוּם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דֶעם חַיִל, אַז גַאנְץ יְרוּשָׁלַיִם אִיז אִין אֵיין אוֹיפְרוּהְר:

32 אוּנְד עֶר הָאט בַּאלְד גֶענוּמֶען זֶעלְנֶער אוּנְד הוֹיפְּט־לֵייט, אוּנְד אִיז צוּ זֵייא גֶעלָאפֶען. אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶּען דֶערזֶעהֶען דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען אוּנְד דִיא זֶעלְנֶער, הָאבֶּען זֵייא אוֹיפְגֶעהֶערְט פּוֹלוֹס צוּ שְׁלָאגֶען:

33 דֶערְנָאךְ אִיז דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער צוּגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעהֵייסֶען שְׁלִיסֶען אִין צְווֵייא קֵייטֶען. אוּנְד עֶר הָאט נָאכְגֶעפְרֶעגְט וֶוער עֶר אִיז, אוּנְד וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן:

34 אוּנְד אִיטְלִיכֶער הָאט עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ גֶעשְׁרִיגֶען צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט קֵיין זִיכֶערֶעס וִויסֶען דוּרְךְ דֶעם גֶעטוּמֶעל, אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְם גֶעהֵייסֶען אִין דֶעם טוּרֶעם אַרֵיינְפִיהְרֶען:

35 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא טְרֶעפֶּען, אַזוֹי הָאבֶּען אִיהְם דִיא זֶעלְנֶער גֶעמוּזְט טְרָאגֶען, וֶועגֶען דֶעם גֶעוַואלְט פוּן דֶעם פָאלְק:

36 וָוארִין אֵיין גְרוֹיס פָאלְק הָאבֶּען

נָאכְגֶעפָאלְגט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען, אַוֶועק מִיט אִיהְם:

37 אוּנְד וֶוען פּוֹלוּס הָאט גֶעוָאלְט אִין טוּרֶעם אַרֵיינְגֵיין הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּם אוֹיבֶּערשְׁטֶען, אִיז עֶס מִיר דֶערְ־לוֹיבְּט צוּ דִיר צוּ רֶעדֶען? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט פַארשְׁטֵייסְט דוּא גְרִיכִישׁ?

38 בִּיסְט דוּא נִיט דֶער מִצְרִי וָואס הָאסְט פָאר דִיזֶע טֶעג אַיין אוֹיפְרוּהְר גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאסְט אַרוֹיסְגֶעפִיהְרט אִין דֶער וִויסְטֶענִיש אַרֵיין פִיר טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען וָואס וַוארֶען רוֹצְחִים?

39 אוּנְד פּוֹלוּס הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין אַיין יְהוּדִי אוֹיס תַּרְשִׁישׁ אִין קִילִיקְיָא, אַיין בִּירְגֶער פוּן אַיין בֶּעְ־רִיהְמְטֶער שְׁטָאט. אוּנְד אִיךְ בֶּעט דִיךְ, דֶערְלוֹיבּ מִיר צוּ רֶעדֶען צוּם פָאלְק:

40 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אִיהְם דֶערְ־לוֹיבְּט, אַזוֹי אִיז פּוֹלוּס גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דִיא טְרֶעפֶּען אוּנְד הָאט גֶעוַואוּנְקֶען מִיט דֶער הַאנְד צוּם פָאלְק. אוּנְד וֶוען עֶס אִיז גַאנְץ שְׁטִיל גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶערֶעט אִין לְשׁוֹן הַקּוֹדֶשׁ, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט:

## קאפיטעל כב

1 מֶענֶער, בְּרִידֶער אוּנְד פֶּעטֶער, הָארְכְט אַצוּנְד מֵיין עֶנְטְפֶער צוּ אֵייךְ:

2 אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט אִין לְשׁוֹן הַקּוֹדֶשׁ, זֶענֶען זֵייא נָאךְ שְׁטִילֶער גֶעְ־וָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט:

3 אִיךְ בִּין אַיין יוּדִישֶׁער מַאן, גֶעְ־בּוֹירֶען אִין תַּרְשִׁישׁ וָואס אִיז אִין קִילִיקְיָא, אוּנְד אִיךְ וַואר אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען אִין דִיזֶער שְׁטָאט בֵּייא דִיא פִיס פוּן גַמְלִיאֵל, אוּנְד וַואר פְלֵייסִיג גֶעלֶעהְרְט אִין דֶער תּוֹרָה פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, אוּנְד וַואר אֵייפְרִיג פַאר גָאט אַזוֹי וִויא אִיהְר אַלֶע זֶענְט דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג:

4 אִיךְ הָאבּ דִיזֶען וֶועג פַארְפָאלְגְט בִּיז צוּם טוֹיט, אוּנְד הָאבּ גֶעבּוּנְדֶען אוּנְד אִיבֶּערגֶעעֶנְטְפֶערְט אִין גֶעפֶענְ־קֶענִיש אַרֵיין מֶענֶער אוּנְד וֵוייבֶּער, אַזוֹי וִויא אוֹיךְ דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אוּנְד אַלֶע עֶלְצְטֶע זָאגֶען מִיר עֵדוּת. פוּן וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ מִיטְגֶענוּמֶען בְּרִיעף צוּ דִיא בְּרִידֶער, אוּנְד בִּין גֶעגַאנְגֶען קַיין דַמֶּשֶׂק אַז אִיךְ זָאל בְּרֶענְגֶען גֶעבּוּנְדֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם דִיא וָואס וַוארֶען דָארְט, אַז זֵייא זָאלֶען בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען:

6 אוּנְד עֶס וַואר וִויא אִיךְ בִּין גֶעגַאנְ־גֶען אוּנְד בִּין גֶעקוּמֶען נָאהְנְט צוּ דַמֶּשֶׂק אִין מִיטֶען טָאג, אַזוֹי הָאט פְלוּצְלִינְג אַיין גְרוֹיס לִיכְט פוּן הִימֶעל אַרוּם מִיר גֶעשַׁיינְט:

7 אוּנְד אִיךְ בִּין צוּ דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען אוּנְד הָאבּ גֶעהֶערְט אַיין קוֹל וָואס הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, שָׁאוּל, שָׁאוּל, וָוארוּם פֶערְפָאלְגְסְט דוּא מִיךְ?

8 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעעֶנְטְפֶערְט, הַאר, וֶוער בִּיסְט דוּא? אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי, וֶועלְכֶען דוּא טְהוּסְט פֶערְפָאלְגֶען:

9 אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען מִיט מִיר גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס לִיכְט אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, אָבֶּער דָאס קוֹל וָואס הָאט צוּ מִיר גֶערֶעט הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעהֶערְט:

10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, הַאר, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד גֵייא קַיין דַמֶּשֶׂק, אוּנְד דָארְטֶען וֶועט דִיר גֶעזָאגְט וֶוערֶען וֶועגֶען אַלֶעם וָואס אִיז דִיר גֶעבָּאטֶען צוּ טְהוּן:

11 אוּנְד װֶוען אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעקֶענְט זֶעהֶען פַאר דֶער קְלָארְהֵייט פוּן דִיזֶען לִיכְט, אַזוֹי וַואר אִיךְ גֶעפִיהְרְט בֵּייא דִיא וָואס זֶענֶען מִיט מִיר גֶעוֶועזֶען, אוּנְד בִּין גֶעקוּמֶען קֵיין דַמֶשֶׂק:

12 אוּנְד דָא וַואר אֵיינֶער, חֲנַנְיָה, אֵיין פְרוּמֶער מַאן נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ, וָואס וַואר בֶּעקַאנְט בֵּייא אַלֶע יוּדֶען וָואס הָאבֶּען דָארְטֶען גֶעווֹאוּינְט:

13 דִיזֶער אִיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בְּרוּדֶער שָׁאוּל, וֶוער זֶעהֶענְדִיג, אוּנְד אִין דִיזֶער שָׁעָה הָאבּ אִיךְ אִיהְם אָנְגֶעזֶעהֶען:

14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאט דִיךְ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט אַז דוּא זָאלְסְט זֵיין ווִילֶען דֶערְקֶענֶען, אוּנְד זָאלְסְט זֶעהֶען דֶעם גֶערֶעכְטֶען, אוּנְד זָאלְסְט הֶערֶען דָאס קוֹל פוּן זֵיין מוֹיל:

15 וָוארִין דוּא וֶועסְט זֵיין עֲדוּת זֵיין צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען, וֶועגֶען דֶעם וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אוּנְד גֶעהֶערְט:

16 אוּנְד אַצוּנְד וָוארוּם זוֹימְסְט דוּא דִיךְ? שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד לָאז דִיךְ טוֹיפֶען, אוּנְד וַואשׁ אָפּ דֵיינֶע זִינְדֶען, אוּנְד רוּף אָן דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר:

17 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאבּ גֶעבֶּעטֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, אַזוֹי בִּין אִיךְ עֶנְטְצִיקְט גֶעוָוארֶען:

18 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, אֵייל דִיךְ, אוּנְד גֵייא גֶעשְׁוִוינְד אַרוֹיס אוֹיס יְרוּשָׁלַיִם, וָוארִין זֵייא וֶועלֶען נִיט אָנְגֶעמֶען דֵיין צֵייגְנִיס וֶועגֶען מִיר:

19 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, הַאר, זֵייא אַלֵיין ווֵייסֶען ווִיא אִיךְ הָאבּ אִין גֶעפֶענְקֶענִיס אֵיינְגֶעזֶעצְט אוּנְד הָאבּ גֶעשְׁלָאגֶען אִין אַלֶע שׁוּלֶען דִיא וָואס הָאבֶּען אַן דִיר גֶעגְלוֹיבְּט:

20 אוּנְד וֶוען דָאס בְּלוּט פוּן דֵיין עֲדוּת סְטֶעפַאנוּס וַואר פַארְגָאסֶען, אַזוֹי בִּין אִיךְ זֶעלְבְּסְט דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאבּ אֵיינְגֶעווִילִיגְט צוּ זֵיין טוֹיט, אוּנְד הָאבּ גֶעהִיט דִיא קְלֵיידֶער פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהְם אוּמְגֶעבְּרַאכְט:

21 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, גֵייא אַוֶועק. וָוארִין אִיךְ ווִיל דִיךְ ווַייט אַוֶועקְשִׁיקֶען צוּ דִיא גוֹיִם:

22 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם צוּגֶע־הֶערְט בִּיז צוּ דִיזֶען וָוארְט. אוּנְד דֶערְ־נָאךְ הָאבֶּען זֵייא אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶר קוֹל אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַוֶועק מִיט זָאלְכֶען מַאן פוּן דֶער עֶרְד, וָוארִין עֶר אִיז נִיט וֶוערְט אַז עֶר זָאל לֶעבֶּען:

23 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד הָאבֶּען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אַרוּפְגֶעוָוארְפֶען אוּנְד הָאבֶּען שְׁטוֹיבּ אִין דֶער לוּפְט גֶעוָוארְפֶען:

24 אוּנְד דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט אִיהְם גֶעהֵייסֶען אִין דֶעם טוּרְם אַרֵיינְפִירֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט אַז מֶען זָאל אִיהְם פַארְהֶערֶען דוּרְךְ שְׁלֶעק, אַז עֶר זָאל ווִיסֶען פַאר וָואס זֵייא שְׁרֵייעֶן אַזוֹי קֶעגֶען אִיהְם:

25 אוּנְד ווִיא זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אָנְ־גֶעבּוּנְדֶען מִיט רִימֶען, אַזוֹי הָאט פּוֹלוּס גֶעזָאגְט צוּם הוֹיפְּטמַאן וָואס אִיז דֶערְ־בֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, אִיז עֶס אוֹיךְ דֶערְלוֹיבְּט צוּ שְׁלָאגֶען אֵיין רוֹמִישֶׁען מַאן אָן אֵיין מִשְׁפָּט?

26 אוּנְד ווִיא דֶער הוֹיפְּטמַאן הָאט

דָאס גֶעהֶערְט, אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט דָאס דֶערְצֵיילְט צוּ דֶעם אויבֶּערְשְׁטֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וֶועה צוּ וָואס דוּא טְהוּסְט, וָוארִין דִיזֶער מַאן אִיז אֵיין רוֹמִישֶׁער:

27 אַזוֹי אִיז דֶער אויבֶּערְשְׁטֶער צוּגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זָאג מִיר, בִּיסְט דוּא אֵיין רוֹמִישֶׁער? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יוֹא:

28 אוּנְד דֶער אויבֶּערְשְׁטֶער הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, אִיךְ הָאבּ דִיזֶע בִּירְגֶערפְרֵייהֵייט גֶעקויפְט פַאר פִיל גֶעלְד. אוּנְד פּוֹלוּס הָאט גֶעזָאגְט, אָבֶּער אִיךְ בִּין פְרֵייא גֶעבּוירֶען:

29 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא בַּאלְד פוּן אִיהְם אָפְּגֶעטְרֶעטֶען וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעוָואלְט פַארְהֶערֶען. אוּנְד דֶער אויבֶּערְשְׁטֶער הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, וַוייל עֶר הָאט גֶעוָואר גֶעוָוארֶען אַז עֶר אִיז אֵיין רוֹמִישֶׁער, אוּנְד וַוייל עֶר הָאט אִיהְם גֶעבּוּנְדֶען:

30 אוּנְד צוּ מָארְגֶען, וֶוען עֶר הָאט גֶעוָואלְט פַאר זִיכֶער ווִיסֶען וַוארוּם עֶר וַואר פַארְקְלָאגְט בֵּייא דִיא יוּדֶען, אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְם פְרֵייא גֶעלָאזְט פוּן דִיא קֵייטֶען, אוּנְד הָאט גֶעהֵייסֶען קוּמֶען דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד זֵיירֶע גַאנְצֶע סַנְהֶדְרִין. אוּנְד עֶר הָאט פּוֹלוּס אַרוֹפְּגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד הָאט אִיהְם פַאר זֵייא אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט:

## קאפיטעל כג

1 אוּנְד פּוֹלוּס הָאט דִיא סַנְהֶדְרִין אָנְגֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, אִיךְ הָאבּ גֶעלֶעבְּט מִיט אַלֶען גוּטֶען גֶעווִיסֶען פָאר גָאט בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג:

2 אוּנְד חֲנַנְיָה דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט גֶעהֵייסֶען דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם שְׁלָאגֶען אִיבֶּער דֶעם מויל:

3 אַזוֹי הָאט פּוֹלוּס צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גָאט וֶועט דִיךְ שְׁלָאגֶען, דוּא גֶעמָאלְטֶע וַואנְד! זִיצְסְט דוּא אוּנְד טְהוּסְט מִיךְ רִיכְטֶען נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ, אוּנְד הֵייסְט מִיךְ שְׁלָאגֶען דֶערְווִידֶער דֶעם גֶעזֶעץ?

4 אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען הָאבֶּען גֶעזָאגְט, טְהוּסְט דוּא פֶערְאַכְטֶען דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל פוּן גָאט?

5 אוּנְד פּוֹלוּס הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעווְאוּסְט, בְּרִידֶער, אַז דָאס אִיז דֶער כֹּהֵן גָדוֹל, וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, דוּא זָאלְסְט נִיט פְלוּכֶען דֶעם עֶלְצְטֶען פוּן דֵיין פָאלְק:

6 אוּנְד ווִיא פּוֹלוּס הָאט גֶעווְאוּסְט אַז אֵיין טֵייל זֶענֶען צַדוּקִים אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער טֵייל זֶענֶען פְּרוּשִׁים, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשְׁרִיגֶען אִין דֶעם רַאט, מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, אִיךְ בִּין אֵיין פָּרוּשׁ, דֶער זוּהְן פוּן אֵיין פָּרוּשׁ, אִיךְ בִּין פַארְקְלָאגְט וֶועגֶען דֶער הָאפְנוּנְג אוּנְד וֶועגֶען תְּחִיַת הַמֵּתִים:

7 אוּנְד ווִיא עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אַזוֹי אִיז אֵייז גֶעצַאנְק גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד דִיא צַדוּקִים. אוּנְד דָאס פָאלְק וַואר צוּטֵיילְט:

8 וָוארִין דִיא צַדוּקִים זָאגֶען אַז עֶס אִיז נִיט פַארהַאנְדֶען קֵיין תְּחִיַת הַמֵּתִים, אוּנְד קֵיין מַלְאָךְ, אוּנְד קֵיין רוּחַ. אָבֶּער דִיא פְּרוּשִׁים בֶּעקֶענֶען בֵּיידֶעס:

9 אוּנְד עֶס וַואר אֵיין גְרוֹיס גֶעשְׁרֵייא, אוּנְד דִיא סוֹפְרִים פוּן דֶעם טֵייל פוּן דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעשְׁטְרִיטֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר פִינְדֶען קֵיין בֵּייז נִיט אִין

דִיזֶען מַאן. אוּנְד וֶוען אֵיין רוּחַ אָדֶער אֵיין מַלְאָךְ הָאט צוּ אִיהְם גֶעשְׁפְּרָאכֶען, לָאזֶען מִיר נִיט שְׁטְרַייטֶען קֶעגֶען גָאט:
10 אוּנְד וֶוען עֶס וַואר אֵיין גְרוֹיס גֶעצַאנְק, אוּנְד דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען אַז זֵייא זָאלֶען נִיט פּוֹלוֹס צוּרֵייסֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען דִיא זֶעלְנֶער אַרוּפְּקוּמֶען, זֵייא זָאלֶען פּוֹלוֹס אַוֶועקְרֵייסֶען פוּן זֵייא, אוּנְד אִין דֶעם טוּרֶם אַרֵיין פִירֶען:
11 אוּנְד אוֹיף דֶער אַנְדֶערְן נַאכְט אִיז דֶער הַאר בֵּייא אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זֵייא גֶעטְרֵייסְט, פּוֹלוֹס, וָוארִין אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט בֶּעצֵייגְט וֶועגֶען מִיר אִין יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי מוּסְט דוּא אוֹיךְ אִין רוֹם בֶּעצֵייגֶען:
12 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ עֶטְלִיכֶע יוּדֶען אֵיין אָנְרֵייד גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ פַארְשְׁוָואוירֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז זֵייא וֶועלֶען נִיט עֶסֶען אוּנְד נִיט טְרִינְקֶען, בִּיז זֵייא וֶועלֶען פּוֹלוֹס אוּמְבְּרֶענְגֶען:
13 אוּנְד עֶס וַוארֶען מֶעהְר וִויא פִירְצִיג וָואס הָאבֶּען זִיךְ דִיזֶען בּוּנְד גֶעמַאכְט:
14 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד צוּ דִיא עֶלְצְטֶע אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גֶעשְׁוָואוירֶען בְּחֵרֶם אַז מִיר זָאלֶען גָאר נִישְׁט עֶסֶען בִּיז מִיר וֶועלֶען פּוֹלוֹס אוּמְבְּרֶענְגֶען:
15 דְרוּם לָאזְט אִיהְר אוּנְד דִיא סַנְהֶדְרִין אַצוּנְד דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען וִויסֶען, אַז עֶר זָאל אִיהְם מָארְגֶען אַרוּפְּבְּרֶענְגֶען צוּ אֵייךְ, גְלֵייךְ וִויא אִיהְר וִוילְט בֶּעסֶער נָאכְפָּארְשֶׁען וֶועגֶען אִיהְם, אוּנְד מִיר זֶענֶען פַארְטִיג אִיהְם צוּ טֵייטֶען אַזוֹי בַּאלְד עֶר וֶועט נָאהְנְט קוּמֶען:
16 אוּנְד פּוֹלוֹס שְׁוֶועסְטֶערְס זוּהְן הָאט גֶעהֶערְט פוּן דֶער אָנְרֵייד, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד אִיז אִין דֶעם טוּרֶעם אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט דָאס דֶערְצֵיילְט צוּ פּוֹלוֹס:
17 אוּנְד פּוֹלוֹס הָאט גֶערַוּפֶען אֵיינֶעם פוּן דִיא הוֹיפְּטְלֵייט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, פִיהְר דִיזֶען יוּנְגֶען מַאן צוּם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען, וָוארִין עֶר הָאט אִיהְם עֶפֶּעס צוּ דֶערְצֵיילֶען:
18 אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְם גֶענוּמֶען אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, פּוֹלוֹס דֶער גֶעפַאנְגֶענֶער הָאט מִיךְ גֶערוּפֶען אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען אַז אִיךְ זָאל דִיזֶען יוּנְגֶען מַאן צוּ דִיר פִיהְרֶען, וָואס הָאט דִיר עֶפֶּעס צוּ זָאגֶען:
19 אוּנְד דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא דֶער הַאנְד אוּנְד אִיז אָן אֵיין זֵייט גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, וָואס אִיז דָאס וָואס דוּא הָאסְט מִיר צוּ זָאגֶען?
20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיא יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אֵיין אָנְרֵייד גֶעמַאכְט זֵייא זָאלֶען דִיךְ בֶּעטֶען אַז דוּא זָאלְסְט פּוֹלוֹס מָארְגֶען אַרוּפְּבְּרֶענְגֶען צוּ דִיא סַנְהֶדְרִין, גְלֵייךְ וִויא זֵייא ווִילֶען בֶּעסֶער נָאכְפְּרֶעגֶען וֶועגֶען אִיהְם:
21 דְרוּם פָאלְג דוּא זֵייא נִיט וָוארִין מֶעהְר וִויא פִירְצִיג מֶענֶער פוּן זֵייא לוֹיעֶרְן אוֹיף אִיהְם, וָואס הָאבֶּען זִיךְ פַארשְׁוואוירֶען זֵייא זָאלֶען נִיט עֶסֶען אוּנְד נִיט טְרִינְקֶען בִּיז זֵייא וֶועלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען. אוּנְד אַצוּנְד זֶענֶען זֵייא אָנְגֶעבְּרֵייט, אוּנְד וַוארְטֶען פַאר דֵיין צוּזָאג:
22 אַזוֹי הָאט דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער דֶעם

יונְגֶען מַאן פְּרֵייא גֶעלָאזְט, אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶעזָאגְט עֶר זָאל פַאר קֵיינֶעם נִיט אויסְזָאגֶען אַז דוּא הָאסְט מִיר דָאס צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן׃

23 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען צְוֵוייא הוּיפְּטְלֵייט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, גְרֵייט אָן צְוֵוייא הוּנְדֶערְט זָעלְנֶער אַז זֵייא זָאלֶען אַוֶועקְגֵיין קֵיין קֶסַרְיָא, אוּנְד זִיבֶּעצִיג רֵייטֶער, אוּנְד צְוֵוייא הוּנְדֶערְט וָואס טְרָאגֶען שְׁפִּיזֶען, אוֹיף דֶער דְרִיטֶער שָׁעָה פוּן דֶער נַאכְט׃

24 אוּנְד גִיבְּט זֵייא בְּהֵמוֹת, אַז זֵייא זָאלֶען פוֹלוֹס אוֹיפְזֶעצֶען אוּנְד זָאלֶען אִיהְם זִיכֶער פִירֶען צוּ פֶעלִיקְס דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר׃

25 אוּנְד עֶר הָאט זָאלְכֶעס אִין אֵיין בְּרִיף גֶעשְׁרִיבֶּען׃

26 קְלוֹדִיוּס לוּזִיַאס לָאזְט גְרִיסֶען דֶען פוֹרְנֶעמְסְטֶען גוּבֶּערְנַאטָאר פֶעלִיקְס׃

27 דִיזֶער מַאן וַואר גֶעפַאנְגֶען בֵּייא דִיא יוּדֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעוָואלְט אוּמְבְּרֶענְגֶען, אוּנְד אִיךְ בִּין צוּגֶעקוּמֶען מִיט זָעלְנֶער אוּנְד הָאבּ אִיהְם גֶערֶעטֶעט, וֶוען אִיךְ הָאבּ פַארְשְׁטַאנֶען אַז עֶר אִיז אֵיין רוֹמִישֶׁער׃

28 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעוָואלְט וִויסֶען דִיא אוּרְזַאךְ וָוארוּם זֵייא פַארְקְלָאגֶען אִיהְם, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט פַאר זֵייעֶרֶע סַנְהֶדְרִין׃

29 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען אַז עֶר אִיז פַארְקְלָאגְט וֶועגֶען שַׁאֲלוֹת פוּן זֵייעֶרֶע תּוֹרָה; אָבֶּער עֶר הָאט קֵיין פַארְקְלָאג נִיט וָואס אִיז וֶוערְט דֶעם טוֹיט אָדֶער קֵייטֶען׃

30 אוּנְד וֶוען עֶס וַואר מִיר גֶעזָאגְט אַז דִיא יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אֵיין בּוּנְט גֶעמַאכְט קֶעגֶען דִיזֶען מַאן, הָאבּ אִיךְ אִיהְם בַּאלְד צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֵייסֶען דִיא פַארְקְלֶעגֶערְס אַז זֵייא זָאלֶען פַאר דִיר זָאגֶען וָואס זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם. זֵייא גֶעגְרִיסְט׃

31 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא זָעלְנֶער גֶענוּמֶען פוֹלוֹס, וִויא עֶס וַואר זֵייא בֶּעפוֹילֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט בֵּייא דֶער נַאכְט קֵיין אַנְטִיפַּאטְרִיס׃

32 אוּנְד דֶעם אַנְדֶערְן טָאג הָאבֶּען זֵייא אִיבֶּערְגֶעלָאזְט דִיא רֵייטֶער זֵייא זָאלֶען מִיט אִיהְם גֵיין, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּם טוּרֶעם׃

33 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין קֶסַרְיָא, אוּנְד הָאבֶּען דֶעם בְּרִיף אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּם גוּבֶּערְנַאטָר, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם פוֹלוֹס אוֹיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט׃

34 וֶוען דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט דֶעם בְּרִיף אִיבֶּערְגֶעלֵיינְט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט פוּן וֶועלְכֶער מְדִינָה עֶר אִיז אוּנְד הָאט פַארְשְׁטַאנֶען אַז עֶר אִיז פוּן קִילִיקְיָא׃

35 אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אִיךְ וִויל דִיךְ פַארְהֶערֶען וֶוען דֵיינֶע פַארְקְלֶעגֶערְס וֶועלֶען קוּמֶען. אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעהֵייסֶען הִיטֶען אִין דֶעם גֶערִיכְטְס־הוֹיף פוּן הוֹרְדוֹס׃

## קאפיטעל כד

1 אוּנְד נָאךְ פִינְף טֶעג אִיז חֲנַנְיָה, דֶער כֹּהֵן גָדוֹל, אַרוּפְּגֶעקוּמֶען מִיט דִיא עֶלְצְטֶע, אוּנְד מִיט אֵיין אַדְוָואקַאט טֶערְטוּלוֹס, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיין קְלָאג אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּם גוּבֶּערְנַאטָאר קֶעגֶען פוֹלוֹס׃

2 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶערוּפֶען גֶעוָארֶען, אַזוֹי הָאט טֶערְטוּלוֹס אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהְם צוּ פַארְקְלָאגֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, מִיר לֶעבֶּען אִין גְרוֹיס

פְּרִידֶען אוּנְטֶער דִיר, אוּנְד פִּילֶע גֶערֶעכְטֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען גֶעשֶׁעהֶען צוּ דִיזֶען פָאלְק דוּרְךְ דֵיינֶע פָארזִיכְטִיגְקֵייט:

3 אוּנְד מִיר טְהוּן עֶס אָנְגֶענֶעמֶען אַלֶע צַייט אוּנְד אִין אַלֶע עֶרְטֶער מִיט אַלֶער דַאנְקְבַּארְקֵייט, דוּא פוּרְנֶעמְסטֶער פֶעלִיקְס:

4 אָבֶּער כְּדֵי אִיךְ זָאל דִיךְ נִיט לֶענְגֶער אוֹיפְהַאלְטֶען, בֶּעט אִיךְ דִיךְ דוּא זָאלְסְט אוּנְס בְּקִיצוּר צוּ הֶערֶען אִין דֵיינֶער גוּטִיגְקֵייט:

5 וָוארִין מִיר הָאבֶּען דִיזֶען מַאן שֶׁעדְלִיךְ גֶעפוּנֶען, אוּנְד עֶר מַאכְט אוֹיפְרוּהֶרֶען צְווִישֶׁען אַלֶע יוּדֶען אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אוּנְד אִיז דֶער הוֹיפְּט אָנְפִיהְרֶער פוּן דֶער כִּיתָּה פוּן דִיא נָצְרִים:

6 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעוָואלְט דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ מְחַלֵּל זַיין. אוּנְד מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעוָואלְט רִיכְטֶען נָאךְ אוּנְזֶער גֶעזֶעץ:

7 אָבֶּער לוּזִיאַס דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער אִיז צוּגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם מִיט גְרוֹיס גֶעוַואלְט אַוֶועק גֶענוּמֶען אוֹיס אוּנְזֶערֶע הֶענְד אַרוֹיס:

8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען זֵיינֶע פַארקְלֶעגֶער צוּ דִיר קוּמֶען. אַז דוּא זָאלְסְט זֶעלְבְּסְט קֶענֶען נָאכְפָארְשֶׁען אוּנְד וִויסֶען וֶועגֶען אַלֶע זַאכֶען פַאר וָואס מִיר פַארקְלָאגֶען אִיהְם:

9 אוּנְד דִיא יוּדֶען זֶענֶען אוֹיךְ דְרוֹיף בֶּעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז דִיזֶע רֵייד זֶענֶען וָואהְר:

10 אוּנְד וֶוען דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט גֶעווִינְקֶען צוּ פּוֹלוֹס אַז עֶר זָאל רֶעדֶען, הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט, דָא אִיךְ ווייס אַז דוּא בִּיסְט שׁוֹין פוּן פִּילֶע יָאהְרֶען אֵיין רִיכְטֶער אִיבֶּער דִיזֶען פָאלְק, אַזוֹי וֶועל אִיךְ מִיךְ מִיט גְרֶעסֶערֶע זִיכֶערְהֵייט פַארֶענְטְפֶערְן:

11 וָוארִין דוּא קֶענְסְט וִויסֶען אַז עֶס זֶענֶען נִיט מֶעהְר וִויא צְוֶועלְף טֶעג זִינְט אִיךְ בִּין אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם צוּ בֶּעטֶען:

12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מִיךְ נִיט גֶעפוּנֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ מִיט אִימֶיצֶען דִיסְפּוּטִירֶען, אָדֶער אֵיין אוֹיפְרוּהְר מַאכֶען צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק, נִיט אִין דִיא שׁוּלֶען אוּנְד נִיט אִין קֵיין שְׁטָאט:

13 אוּנְד זֵייא קֶענֶען אוֹיךְ נִיט בֶּעווייזֶען וֶועגֶען דִיא זַאכֶען וָואס זֵייא פַארקְלָאגֶען מִיךְ אַצוּנְד:

14 אָבֶּער דָאס בֶּעקֶען אִיךְ פַאר דִיר, אַז נָאךְ דֶעם וֶועג וָואס זֵייא רוּפֶען אֵיין כִּיתָּה, אַזוֹי טְהוּא אִיךְ דִינֶען דֶעם גָאט פוּן מֵיינֶע אָבוֹת, אוּנְד אִיךְ גְלֵייבּ אַלֶעס וָואס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער תּוֹרָה אוּנְד אִין דִיא נְבִיאִים:

15 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיא הָאפְנוּנְג צוּ גָאט, אוֹיף וֶועלְכֶען זֵייא זֶעלְבְּסְט טְהוּן אוֹיךְ הָאפֶען, אַז עֶס וֶועט זַיין אֵיין אוֹיפְשְׁטַאנְד פוּן דִיא טוֹיטֶען, פוּן דִיא צַדִּיקִים אוּנְד דִיא רְשָׁעִים:

16 אוּנְד אִין דִיזֶען טְהוּא אִיךְ מִיךְ אִיבֶּען, אַז אִיךְ זָאל תָּמִיד הָאבֶּען אֵיין אוּנְשׁוּלְדִיג גֶעווִיסֶען פַאר גָאט אוּנְד פַאר לֵייט:

17 אוּנְד נָאךְ פִּילֶע יָאהְרֶען בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבּ גֶעבְּרַאכְט צְדָקָה צוּ מֵיין פָאלְק, אוּנְד קָרְבָּנוֹת:

18 אוּנְד מִיט דִיזֶען הָאבֶּען מִיךְ אֵיינִיגֶע יוּדֶען פוּן אַזְיָא גֶעפוּנֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ גֶערֵיינִיגְט, נִיט מִיט קֵיין

פָאלְק, אוּנְד נִיט מִיט קֵיין גֶעטוּמֶעל:

19 אוּנְד דִיזֶע הֶעטֶען גֶעזָאלְט פַאר דִיר קוּמֶען מִיךְ צוּ פַארקְלָאגֶען וֶוען זַייא הֶעטֶען עֶפֶּעס צוּ מִיר:

20 אָדֶער לָאזֶען דִיזֶע זֶעלְבְּסְט זָאגֶען, אוֹיבּ זַייא הָאבֶּען עֶפֶּעס אוּמְרֶעכְט אִין מִיר גֶעפוּנֶען וֶוען אִיךְ בִּין גֶעשְׁטַאנֶען פַאר דִיא סַנְהֶדְרִין:

21 חוּץ פַאר דִיזֶען אֵיינְצִיגֶען וָוארְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיגֶען וֶוען אִיךְ בִּין צְוִוישֶׁען זַייא גֶעשְׁטַאנֶען, דָאס אִיךְ וֶוער דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג בֵּייא אֵייךְ פֶערְ־קְלָאגְט וֶועגֶען תְּחִיַּת הַמֵּתִים:

22 אוּנְד וֶוען פֶעלִיקְס הָאט דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר זַייא אוֹיף שְׁפֶּעטֶער אָפְּגֶעלֵייגְט, וָוארִין עֶר הָאט גוּט גֶעוְואוּסְט וֶועגֶען דִיזֶען וֶועג; אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען לוּזִיאַס דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וֶועט אַרוֹפּ קוּמֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ וֶועגֶען אֵייךְ רֶעכְט גֶעוָואר וֶוערֶען:

23 אוּנְד עֶר הָאט דֶעם הוֹיפְּטְמַאן אָנְגֶעזָאגְט עֶר זָאל פּוֹלוּס הִיטֶען, אָבֶּער אַז עֶר זָאל פְרֵייהֵייט הָאבֶּען, אוּנְד אַז קֵיינֶער פוּן זֵיינֶע פְרֵיינְד זָאלֶען נִיט גֶעהִינְדֶערְט זַיין אִיהְם צוּ בֶּעדִינֶען, אָדֶער צוּ אִיהְם צוּ קוּמֶען:

24 אוּנְד נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג אִיז פֶעלִיקְס גֶעקוּמֶען מִיט זַיין וַוייבּ דְרוּסִילָה, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע יְהוּדִית, אוּנְד הָאט גֶעשִׁיקְט נָאךְ פּוֹלוּס, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעהָערְט וֶועגֶען דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין דֶעם מָשִׁיחַ:

25 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶערֶעט וֶועגֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד זוֹיבֶּערְקֵייט, אוּנְד פוּן דֶעם גֶערִיכְט וָואס וֶועט קוּמֶען, אַזוֹי הָאט פֶעלִיקְס גֶעצִיטֶערְט, אוּנְד הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, גֵייא דִיר אַצוּנְד אַוֶועק. וֶוען אִיךְ וֶועל אַ בֶּעסֶערֶע צַייט הָאבֶּען וֶועל אִיךְ דִיךְ לָאזֶען רוּפֶען:

26 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעהָאפְט אַז פּוֹלוּס וֶועט אִיהְם גֶעלְט גֶעבֶּען אַז עֶר זָאל אִיהְם פְרֵייא לָאזֶען. דְרוּם הָאט עֶר אָפְט נָאךְ אִיהְם גֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאט מִיט אִיהְם גֶערֶעט:

27 אוּנְד וֶוען צְוֵוייא יָאהְר וַוארֶען דֶערְפִילְט, אַזוֹי אִיז פָּארְקִיוּס פֶעסְטוּס גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶעם אָרְט פוּן פֶעלִיקְס, אוּנְד פֶעלִיקְס הָאט גֶעוָואלְט דִיא יוּדֶען אַיין גֶעפַאלֶען טְהוּן, אַזוֹי הָאט עֶר פּוֹלוּס אִיבֶּער גֶעלָאזְט גֶעבּוּנְדֶען:

## קאפיטעל כה

1 אוּנְד וֶוען פֶעסְטוּס אִיז אִין דִיזֶער מְדִינָה אַרֵיין גֶעקוּמֶען, אַזוֹי אִיז עֶר נָאךְ דְרֵייא טֶעג אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען פוּן קֵסַרְיָא קֵיין יְרוּשָׁלַיִם,

2 אוּנְד דֶער כֹּהֵן גָּדוֹל מִיט דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא יוּדֶען הָאבֶּען צוּ אִיהְם אָנְגֶעגֶעבֶּען קֶעגֶען פּוֹלוּס, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען:

3 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אֵיין חֶסֶד פוּן אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, אַז עֶר זָאל אִיהְם שִׁיקֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם גֶעלוֹיעֶרְט אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען אוֹיף דֶעם וֶועג:

4 אָבֶּער פֶעסְטוּס הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, אַז פּוֹלוּס זָאל אִין קֵסַרְיָא גֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען, אוּנְד אַז עֶר זֶעלְבְּסְט וֶועט אוֹיךְ בַּאלְד אַהִין קוּמֶען:

5 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לָאזֶען דִיא מֶעכְטִיגֶע צְוִוישֶׁען אֵייךְ מִיט מִיר אַרוֹפּ קוּמֶען, אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען עֶפֶּעס קֶעגֶען דֶעם מַאן לָאזֶען זַייא אִיהְם פֶּערקְלָאגֶען:



אונד

6 אוּנְד עֶר אִיז בַּייא זֵייא גֶעבְּלִיבֶּען מֶעהְר וִויא צֶעהְן טֶעג, אוּנְד אִיז אַרוּפּ גֶעקוּמֶען קֵיין קֵסַרְיָא. אוּנְד דֶעם אַנְדֶערְן טָאג אִיז עֶר גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם רִיכְטֶער־שְׁטוּל אוּנְד הָאט גֶעהֵייסֶען בְּרֶענְגֶען פּוֹלוּס :

7 אוּנְד וִויא עֶר אִיז גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען אִיהְם דִיא יוּדֶען וָואס זֶענֶען אַרוּפּ גֶעקוּמֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם אַרוּם גֶערִינְגֶעלְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט פִילֶע אוּנְד שְׁוֶועְרֶע קְלָאגֶען קֶעגֶען פּוֹלוּס, וָועלְכֶע זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט בֶּעוֵוייזֶען :

8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען דֶער תּוֹרָה פוּן דִיא יוּדֶען, אוּנְד נִיט קֶעגֶען דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד אוֹיךְ נִיט קֶעגֶען דֶעם קֵיסַר :

9 אָבֶּער פֶעסְטוּס הָאט גֶעוָואלְט דִיא יוּדֶען אֵיין חֶסֶד צֵייגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, צוּ פּוֹלוּס, ווִילְסְטוּ אַרוֹיף גֵיין קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד דָארְטֶען בֵּייא מִיר גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען וֶועגֶען דִיזֶע זַאכֶען ?

10 אָבֶּער פּוֹלוּס הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ שְׁטֵייא פַאר דֶעם רִיכְטֶערשְׁטוּל פוּן קֵיסַר, וִויא אִיךְ קֶעהְר גֶערִיכְטֶעט צוּ וֶוערֶען. צוּ דִיא יוּדֶען הָאבּ אִיךְ קֵיין אוּמְרֶעכְט נִיט גֶעטְהוּן, אַזוֹי וִויא דוּא ווייסְט גַאנְץ גוּט :

11 וָוארִין וֶוען אִיךְ הָאבּ אוּמְרֶעכְט גֶעטְהוּן, אוּנְד הָאבּ גֶעטְהוּן אֵיין זַאךְ וָואס אִיז וֶוערְט דֶעם טוֹיט, אַזוֹי בִּין אִיךְ בֶּערֵייט צוּ שְׁטַארְבֶּען. אָבֶּער וֶוען עֶס אִיז נִיט וָואהְר, וָואס זֵייא מְהוּן מִיךְ פֶערְקְלָאגֶען, אַזוֹי קֶען מִיךְ קֵיינֶער נִיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ זֵייא. אִיךְ בֶּערוּף מִיךְ אוֹיף דֶעם קֵיסַר :

12 אוּנְד פֶעסְטוּס הָאט זִיךְ מְיַיעֵץ גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם רָאט, אוּנְד הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, אַז דוּא הָאסְט דִיךְ בֶּערוּפֶען אוֹיף דֶעם קֵיסַר, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא גֵיין צוּם קֵיסַר :

13 אוּנְד וֶוען עֶטְלִיכֶע טֶעג זֶענֶען פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אִיז דֶער קֶענִיג אַגְרִיפּוּס אוּנְד בֶּערְנִיקִי גֶעקוּמֶען קֵיין קֵסַרְיָא אוּם פֶעסְטוּס צוּ גְרִיסֶען :

14 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען דָארְטֶען גֶעשְׁטַאנֶען פִילֶע טֶעג, אַזוֹי הָאט פֶעסְטוּס דִיא זַאךְ וֶועגֶען פּוֹלוּס, פַארְגֶעשְׁטֶעלְט צוּ דֶעם קֶענִיג, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דָא אִיז אֵיין מַאן אִיבֶּער גֶעלָאזְט גֶעפַאנְגֶען בֵּייא פֶעלִיקְס :

15 אוּנְד וֶוען אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, הָאבֶּען זִיךְ דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא יוּדֶען אוֹיף אִיהְם בֶּעקְלָאגְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אוּם אֵיין מִשְׁפָּט וֶועגֶען אִיהְם :

16 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעעֶנְטפֶערְט, עֶס אִיז נִיט דֶער סֵדֶר בֵּייא דִיא רוֹמִיִים זֵייא זָאלֶען אֵיין מַאן אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּם טוֹיט, בִּיז דֶער וָואס אִיז פֶערְקְלָאגְט הָאט זֵיינֶע פֶערקְלֶעגֶערְס פָּנִים לְפָנִים, אוּנְד הָאט דֶערְלוֹיבֶּענִיס זִיךְ צוּ פַארֶענְטפֶערְן וֶועגֶען דֶער מְסִירָה :

17 דְרוּם וֶוען זֵייא זֶענֶען הִיר צוּ זַאמֶען גֶעקוּמֶען, הָאבּ אִיךְ גָאר קֵיין אוֹיפְהַאלְט נִיט גֶעמַאכְט, אוּנְד בִּין דֶעם אַנְדֶערְן טָאג גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם רִיכְטֶערשְׁטוּל, אוּנְד הָאבּ גֶעהֵייסֶען דֶעם מַאן בְּרֶענְגֶען :

18 אָבֶּער וֶוען זֵיינֶע פֶערקְלֶעגֶערְס זֶענֶען קֶעגֶען אִיהְם אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, הָאבֶּען זֵייא קֵיין שׁוּם מְסִירָה נִיט



געבראכט

גֶעבְּרַאכְט פוּן זָאלְכֶע זַאכֶען וִויא אִיךְ
הָאבּ גֶעדַאכְט:
19 נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע
שְׁאֵלוֹת קֶעגֶען אִיהְם װעגֶען זֵיירֶע
אֵייגֶענֶע רֶעלִיגְיָאן, אוּנְד װעגֶען אֵיינֶעם
יֵשׁוּעַ װָאס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד װָאס
פּוֹלוּס זָאגְט אַז עֶר לֶעבְּט:
20 אוּנְד וַוייל אִיךְ פַארְשְׁטֵייא מִיךְ
נִיט אוֹיף דִיזֶער שְׁאֵלָה, הָאבּ אִיךְ גֶע־
פְרֶעגְט אוֹיבּ עֶר וִויל גֵיין קַיין יְרוּשָׁלַיִם
אוּנְד דָארְטֶען גֶערִיכְטֶעט װערֶען װעגֶען
דִיזֶע זַאכֶען:
21 אָבֶּער וִויא פּוֹלוּס הָאט זִיךְ בֶּע־
רוּפֶען אַז עֶר זָאל גֶעהַאלְטֶען װערֶען
בִּיז אוֹיגוּסְטוּס װעט פוּן אִיהְם הֶערֶען,
אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אִיהְם גֶעהֵייסֶען הִיטֶען
בִּיז אִיךְ װעל אִיהְם שִׁיקֶען צוּם קֵיסָר:
22 אוּנְד אַגְרִיפּוּס הָאט גֶעזָאגְט צוּ
פֶעסְטוּס, אִיךְ וִוינְשׁ אוֹיךְ זֶעלְבְּסְט דֶעם
מַאן צוּ הֶערֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
מָארְגֶען זָאלְסְט דוּא אִיהְם הֶערֶען:
23 אוּנְד דֶעם אַנְדֶערְן טָאג װען
אַגְרִיפּוּס אוּנְד בֶּערְנִיקִי זֶענֶען גֶעקוּמֶען
מִיט גְרוֹיסֶער פַּארַאדֶע, אוּנְד זֶענֶען
אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער פַארְהֶער שְׁטוּבּ
מִיט דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אוּנְד דִיא פָארְ־
נֶעמְסְטֶע מֶענֶער אִין דֶער שְׁטָאט, אַזוֹי
הָאט פֶעסְטוּס אַיין בֶּעפֶעהְל גֶעגֶעבֶּען
אוּנְד פּוֹלוּס וַוארַיינְגֶעבְּרַאכְט:
24 אוּנְד פֶעסְטוּס הָאט גֶעזָאגְט,
קֶענִיג אַגְרִיפּוּס, אוּנְד אַלֶע לֵייט װָאס
זֶענֶען הִיר מִיט אוּנְס, אִיהְר זֶעהְט דֶעם
מַאן װעגֶען װעלְכֶען דָאס גַאנְצֶע יוּדִישֶׁע
פָאלְק הָאבֶּען מִיךְ גֶעבֶּעטֶען אִין
יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד הִיר, אוּנְד שְׁרֵייעֶן אַז עֶר
קֶעהְר נִיט לֶענְגֶער צוּ לֶעבֶּען:
25 אָבֶּער װען אִיךְ הָאבּ פַארְשְׁטַאנְגֶען
אַז עֶר הָאט נִיט גֶעטְהוּן קַיין זַאךְ
װָאס אִיז װערְט דֶעם טוֹיט, אוּנְד װען
עֶר זֶעלְבְּסְט הָאט זִיךְ פַאר רוּפֶען אוֹיף
אוֹיגוּסְטוּס, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען
אַז אִיךְ זָאל אִיהְם שִׁיקֶען:
26 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט זִיכֶערֶעס
װעגֶען אִיהְם צוּ שְׁרֵייבֶּען צוּם הַאר.
דְרוּם הָאבּ אִיךְ אִיהְם פַאר אֵייךְ גֶע־
בְּרַאכְט, אוּנְד בֶּעזוּנְדֶערְס פַאר דִיר,
קֶענִיג אַגְרִיפּוּס, אַז נָאךְ דֶעם װען דֶער
פַארְהֶער װעט גֶעשֶׁעהֶען זָאל אִיךְ
הָאבֶּען עֶפֶּעס צוּ שְׁרֵייבֶּען:
27 וָוארִין עֶס שֵׁיינְט מִיר נַארֶעשׁ צוּ
זַיין אַיין גֶעפַאנְגֶענֶען צוּ שִׁיקֶען, אוּנְד
נִיט אָן צוּ צֵייגֶען זַיין פַארְבְּרֶעכֶען:

## קאפיטעל כו

1 אוּנְד אַגְרִיפּוּס הָאט גֶעזָאגְט צוּ
פּוֹלוּס, עֶס אִיז דִיר דֶערְלוֹיבְּט פַאר
דִיר זֶעלְבְּסְט צוּ רֶעדֶען. אַזוֹי הָאט
פּוֹלוּס דִיא הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט אוּנְד
הָאט זִיךְ פַארֶענְטְפֶערְט:
2 אִיךְ שֶׁעץ מִיךְ גְלִיקְלִיךְ, קֶענִיג
אַגְרִיפּוּס, דָאס אִיךְ װעל מִיךְ הֵיינְט
פַאר דִיר פַאר עֶנְטְפֶערְן װעגֶען אַלֶע
זַאכֶען פַאר װעלְכֶע אִיךְ בִּין פַאר־
קְלָאגְט בֵּייא דִיא יוּדֶען:
3 אוּנְד בֶּעזוּנְדֶערְס וַוייל דוּא פַאר־
שְׁטֵייסְט אַלֶע מִנְהָגִים אוּנְד שְׁאֵלוֹת פוּן
דִיא יוּדֶען. דְרוּם בֶּעט אִיךְ דִיךְ דוּא
זָאלְסְט מִיךְ גֶעדוּלְדִיג צוּ הֶערֶען:
4 מֵיין לֶעבֶּען פוּן מֵיין יוּגֶענְד אוֹיף,
װָאס וַואר פוּן אָנְפַאנְג צְווִישֶׁען מֵיין
פָאלְק אִין יְרוּשָׁלַיִם, קֶענֶען אַלֶע
יוּדֶען:
5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מִיךְ פוּן אָנְפַאנְג
גֶעקֶענְט, װען זֵייא ווילֶען בֶּעצֵייגֶען,
אַז אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אַיין פָּרוּשׁ נָאךְ



דער

דֶער פְרוּמְסטֶער כִּיתָּא פוּן אוּנְזֶערֶער רֶעלִיגְיָאן :

6 אוּנְד אַצוּנְד שְׁטֵייא אִיךְ אוּנְד וֶוער גֶערִיכְטֶעט וֶועגֶען דֶער הָאפְנוּנְג פוּן דֶער הַבְטָחָה וָואס גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת :

7 אוֹיף דִיזֶען טְהוּן אוּנְזֶערֶע צְוֶועלְף שְׁבָטִים הָאפֶען אַז עֶס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען, וֶוען זֵייא דִינֶען גָאט בֶּעשְׁטֶענְדִיג טָאג אוּנְד נַאכְט ; אוּנְד וֶועגֶען דִיזֶער הָאפְנוּנְג, קֶענִיג אַגְרִיפַּס, בִּין אִיךְ פַארְקְלָאגְט בֵּייא דִיא יוּדֶען :

8 וָוארוּם זָאלְט אִיהְר עֶס הַאלְטֶען פַאר אוּנְגְלוֹיבְּלִיךְ אַז גָאט וֶועט דִיא טוֹיטֶען אוֹיפְוֶועקֶען ?

9 פַארְוָואהְר, אִיךְ הָאבּ בֵּייא מִיר אוֹיךְ גֶעדַאכְט, אַז אִיךְ קֶעהְר פִיל צוּ טְהוּן קֶעגֶען דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ :

10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס אוֹיךְ גֶעטְהוּן אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאבּ פִילֶע פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אִין גֶעפֶענְקְנִיס אַיינְגֶעשְׁלָאסֶען, וֶוען אִיךְ הָאבּ מַאכְט אַנְטפַאנְגֶען פוּן דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים. אוּנְד וֶוען זֵייא זַיינֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אַזוֹי בִּין אִיךְ דֶערְצוּ אַיינְפֶערְשְׁטַאנְדֶען גֶעוֶועזֶען :

11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא אָפְט גֶעשְׁטְרָאפְט אִין אַלֶע שׁוּלֶען, אוּנְד הָאבּ זֵייא גֶעצְוְואוּנְגֶען צוּ לֶעסְטֶערֶען. אוּנְד אִיךְ וַואר זֶעהְר ווִילְד קֶעגֶען זֵייא, אוּנְד הָאבּ זֵייא פֶערְפָאלְגְט בִּיז אִין פְרֶעמְדֶע שְׁטֶעט אַרֵיין :

12 אוּנְד וֶוען אִיךְ בִּין וֶועגֶען דִיזֶען גֶעגַאנְגֶען קֵיין דַמֶשֶׂק מִיט מַאכְט אוּנְד מִיט אֵיין בֶּעפֶעל פוּן דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים :

13 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אוֹיף דֶעם וֶועג אִין מִיטֶען טָאג, אוֹי קֶענִיג, אֵיין לִיכְט פוּן הִימֶעל, גְרֶעסֶער ווִיא דִיא שֵׁיינוּנְג פוּן דֶער זוּן, וָואס הָאט גֶעשֵׁיינְט אַרוּם מִיר אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען מִיט מִיר גֶעגַאנְגֶען :

14 אוּנְד ווִיא מִיר זֶענֶען אַלֶע צוּ דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען, הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט אֵיין קוֹל וָואס הָאט צוּ מִיר גֶעשְׁפְּרָאכֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט אִין לְשׁוֹן הַקּוֹדֶשׁ, שָׁאוּל, שָׁאוּל וָוארוּם יָאגְסְט דוּא מִיךְ ? עֶס אִיז שְׁוֶוער פַאר דִיר צוּ שְׁטוֹיסֶען קֶעגֶען דִיא שְׁטַאכֶעל :

15 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, הַאר, וֶוער בִּיסְט דוּא ? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין יֵשׁוּעַ וֶועלְכֶען דוּא טְהוּסְט פֶערְפָאלְגֶען ·

16 אָבֶער שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד שְׁטֵייא אוֹיף דֵיינֶע פִּיס. וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיךְ פוּן דֶעסְט וֶועגֶען צוּ דִיר בֶּעווִיזֶען אַז אִיךְ זָאל דִיךְ מַאכֶען פַאר אֵיין דִינֶער אוּנְד פַאר אֵיין עֵדוּת פוּן דִיא זַאכֶען וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד פוּן דִיא וָואס אִיךְ וֶועל דִיר נָאךְ ווַייזֶען :

17 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מַצִיל זַיין פוּן דֶעם פָאלְק אוּנְד פוּן דִיא גוֹיִם, צוּ וֶועלְכֶע אִיךְ שִׁיק דִיךְ אַצוּנְד :

18 אוֹיפְצוּמַאכֶען זֵיירֶע אוֹיגֶען, אוּנְד זֵייא אוּמְצוּקֶעהְרֶען פוּן דֶער פִינְסְטֶערְנִיס צוּם לִיכְט, אוּנְד פוּן דֶער מַאכְט פוּן שָׂטָן צוּ גָאט. אַז זֵייא זָאלֶען אַנְטְפַאנְגֶען דִיא פַארְגֶעבוּנְג פוּן זִינְדֶען, אוּנְד אֵיין עֶרְבְשַׁאפְט צְווִישֶׁען דִיא וָואס זֶענֶען גֶעהֵיילִיגְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אָן מִיר :

19 דְרוּם, קֶענִיג אַגְרִיפַּס, בִּין אִיךְ נִיט ווִידֶערְשְׁפֶּענִיג גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען דֶעם הִימְלִישֶׁען גֶעזִיכְט :

20 נֵייעֶרְט אִיךְ הָאבּ צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעצֵייגְט צוּ דִיא אִין דַמֶשֶׂק אוּנְד

אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד צוּם גַאנְצֶען לַאנְד
פוּן יְהוּדָה, אוּנְד צוּ דִיא גוֹיִם, אַז זֵייא
זָאלֶען תְּשׁוּבָה טְהוּן אוּנְד זָאלֶען זִיךְ
אוּמְקֶעהְרֶען צוּ גָאט, אוּנְד זָאלֶען טְהוּן
מַעֲשִׂים וִויא עֶס קֶעהְר צוּ זֵיין פוּן
תְּשׁוּבָה :

21 אִיבֶּער דִיזֶען הָאבֶּען מִיךְ דִיא
יוּדֶען גֶענוּמֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנְד
הָאבֶּען מִיךְ גֶעוָואלְט אוּמְבְּרֶענְגֶען :

22 אָבֶּער וַוייל אִיךְ הָאבּ אַנְטְפַאנְגֶען
הִילְף פוּן גָאט, אַזוֹי שְׁטֵייא אִיךְ בִּיז צוּ
דִיזֶען טָאג אוּנְד בֶּעצֵייג צוּ קְלֵיין אוּנְד
גְרוֹיס, אוּנְד זָאג נִיט קֵייע אַנְדֶערֶע זַאךְ
נֵייעֶרְט וָואס דִיא נְבִיאִים אוּנְד מֹשֶׁה
הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז עֶס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען :

23 אַז דֶער מָשִׁיחַ וֶועט לֵיידֶען, אוּנְד
אַז עֶר וֶועט דֶער עֶרְשְׁטֶער זֵיין וָואס
וֶועט פוּן דֶעם טוֹיט אוֹיפְשְׁטֵיין, אוּנְד
וֶועט וַוייזֶען אַיין לִיכְט צוּם פָאלְק, אוּנְד
צוּ דִיא גוֹיִם :

24 אוּנְד וִויא עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹי פַארְ־
עֶנְטְפֶערְט, הָאט פֶעסְטוּס גֶעזָאגְט מִיט
אַיין הוֹיךְ קוֹל, פּוֹלוֹס, דוּא בִּיסְט אוּנְ־
זִינִיג, דָאס פִּילֶע לֶערְנֶען הָאט דִיךְ
מְשׁוּגָע גֶעמַאכְט :

25 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין
נִיט מְשׁוּגָע, פָארְנֶעמְסְטֶער פֶעסְטוּס,
נֵייעֶרְט אִיךְ טְהוּא שְׁפְּרֶעכֶען דִיא רֵייד
פוּן וָוארְהֵייט אוּנְד פֶערְשְׁטַאנְד :

26 וָוארִין דֶער קֶענִיג וֵוייס דִיזֶע זַאכֶען,
פַאר וֶועלְכֶע אִיךְ טְהוּא אוֹיךְ עֶפֶענְטְ־
לִיךְ רֶעדֶען. וָוארִין אִיךְ בִּין פַארְזִיכֶערְט
אַז קֵיינְס פוּן דִיזֶע זַאכֶען אִיז פוּן אִיהְם
נִיט פַארְהוֹילֶען. וָוארִין דָאס אִיז נִיט
גֶעשֶׁעהֶען אִין אַיין וִוינְקֶעל :

27 קֶענִיג אַגְרִיפּוּס, גְלוֹיבְּסְט דוּא אִין
דִיא נְבִיאִים ? אִיךְ וֵוייס אַז דוּא
גְלוֹיבְּסְט :

28 אוּנְד אַגְרִיפּוּס הָאט גֶעזָאגְט צוּ
פּוֹלוֹס, דוּא טְהוּסְט מִיךְ בַּאלְד אִיבֶּערְ־
רֶעדֶען אַיין קְרִיסְט צוּ וֶוערֶען :

29 אוּנְד פּוֹלוֹס הָאט גֶעזָאגְט הַלְוַאי
זָאל גָאט גֶעבֶּען, אַז נִיט אַלֵיין דוּא,
נֵייעֶרְט אוֹיךְ אַלֶע וָואס הֶערֶען מִיךְ
הַיינְט, זָאלֶען זֵיין בַּאלְד אוּנְד גָאר אִין
גַאנְצֶען זָאלְכֶע וִויא אִיךְ בִּין, חוּץ דִיזֶע
קֵייטֶען :

30 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט,
אַזוֹי אִיז דֶער קֶענִיג אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּנְד דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר, אוּנְד בֶּערְנִיקִי,
אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען מִיט זֵייא גֶעזֶעסֶען :

31 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אָן דֶער זֵייט
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען צְוִוישֶׁען זִיךְ
גֶעשְׁפְּרָאכֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
דִיזֶער מַאן הָאט גָאר נִיט גֶעטְהוּן וָואס
אִיז וֶוערְט דֶעם טוֹיט אָדֶער קֵייטֶען :

32 אוּנְד אַגְרִיפּוּס הָאט גֶעזָאגְט צוּ
פֶעסְטוּס, דִיזֶער מַאן הֶעט גֶעקֶענְט
פְרֵייא וֶוערֶען, וֶוען עֶר הֶעט זִיךְ נִיט
פַארְרוּפֶען אוֹיף דֶעם קֵיסָר :

## קאפיטעל כז

1 אוּנְד וֶוען עֶס וַואר בֶּעשְׁלָאסֶען אַז
מִיר זָאלֶען זִיךְ אַוֶועקְשִׁיפֶען קֵיין
אִיטַאלְיָא, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיבֶּערְגֶעגֶע־
גֶעבֶּען פּוֹלוֹס אוּנְד עֶטְלִיכֶע אַנְדֶערֶע
גֶעפַאנְגֶענֶע צוּ אַיין הוֹיפְּטְמַאן, וָואס
הָאט גֶעהֵייסֶען יוּלְיוּס, פוּן דֶעם חַיִל
פוּן אוּגוּסְטוּס :

2 אוּנְד מִיר זֶענֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין
אַיין שִׁיף פוּן אַדְרַאמִיטֶע, אוּנְד הָאבֶּען
אַוֶועקְגֶעשִׁיפְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעוָואלְט
גֵיין בֵּייא דִיא שְׁטֶעט פוּן אַזְיָא. אוּנְד
עֶס וַואר מִיט אוּנְס אַיינֶער אַרִיסְטַארְכוּס
אוֹיס מַקְדוֹנְיָא פוּן טֶעסִילוֹנִיקָא :

3 אוּנְד דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג זֶענֶען מִיר אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין צִידוֹן. אוּנְד יוּלְיוּס הָאט זִיךְ פְרֵיינְדלִיךְ גֶעהַאלְטֶען קֶעגֶען פּוּלוּס, אוּנְד הָאט אִיהְם דֶערְלויבְּט צוּ גֵיין צוּ זֵיינֶע פְרֵיינְד כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אִיהְם פַארְזָארְגֶען:

4 אוּנְד וֶוען מִיר זֶענֶען פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעפָארֶען, הָאבֶּען מִיר גֶעשִׁיפְט אוּנְטֶער קַפְּרוֹס וַוייל דֶער ווִינְד וַואר אוּנְס אַנְטקֶעגֶען:

5 אוּנְד מִיר הָאבֶּען זִיךְ גֶעשִׁיפְט אִיבֶּער דֶעם יַם פוּן קִילִיקְיָא אוּנְד פַּאמְפִילְיָא, אוּנְד זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין מִירָא, אִין לוּקְיָא:

6 אוּנְד דֶער הוֹיפְּטמַאן הָאט דָארְטֶען גֶעפוּנֶען אֵיין שִׁיף פוּן אַלֶכְּסַנְדְרִיָא וָואס אִיז גֶעגַאנְגֶען קֵיין אִיטַאלְיָא, אַזוֹי הָאט עֶר אוּנְס דְרִינֶען אַרֵיינְגֶעזֶעצְט:

7 אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען זִיךְ פִילֶע טֶעג לַאנְגְזַאם גֶעשִׁיפְט, אוּנְד זֶענֶען קוֹים גֶעקוּמֶען קֶעגֶען קְנִידוּס, וַוייל דֶער ווִינְד הָאט אוּנְס נִיט גֶעלָאזְט, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר זִיךְ גֶעשִׁיפְט אוּנְטֶער קְרֶעטָא קֶעגֶען אִיבֶּער סָלְמוֹנִי:

8 אוּנְד מִיר זֶענֶען דִיזֶעס קוֹים פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ אֵיין אָרְט וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען דֶער שֵׁיינֶער הַאפֶען, אוּנְד נָאהְנְט דֶערְבֵּייא וַואר דִיא שְׁטָאט לַסָיָא:

9 אוּנְד וֶוען אֵיינֶע לַאנְגֶע צֵייט אִיז פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶס וַואר שׁוֹין נִיט זִיבֶער זִיךְ צוּ שִׁיפֶען, וַוייל דָאס פַאסְטֶען וַואר אוֹיךְ שׁוֹין פַארְבֵּייא, אַזוֹי הָאט זֵייא פּוּלוּס גֶעוָוארֶענְט:

10 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער, אִיךְ זֶעה אַז דִיזֶע רֵייזֶע וֶועט שְׁלֶעכְט זֵיין אוּנְד מִיט גְרוֹיסֶען שָׁאדֶען, נִיט אַלֵיין צוּ דֶער לָאדוּנְג אוּנְד צוּ דֶעם שִׁיף, נֵייעֶרְט אוֹיךְ צוּ אוּנְזֶער לֶעבֶּען:

11 אָבֶּער דֶער הוֹיפְּטמַאן הָאט מֶעהְר גֶעגְלוֹיבְּט דֶעם פִיהְרֶער אוּנְד דֶעם הַאר פוּן דֶעם שִׁיף ווִיא דִיא רֵייד פוּן פּוּלוּס:

12 אוּנְד וַוייל דֶער הַאפֶען וַואר נִיט גוּט דְרִינֶען צוּ ווִינְטֶערְן, אַזוֹי הָאבֶּען פִילֶע גֶעָראטֶען אַז זֵייא זָאלֶען פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְשִׁיפֶען, טָאמֶער וֶועלֶען זֵייא קֶענֶען קוּמֶען קֵיין פֶענִיקְס צוּ אִיבֶּערְווִינְטֶערְן, וָואס אִיז אֵיין הַאפֶען פוּן קְרֶעטָא, אוּנְד עֶס לִיגְט קֶעגֶען זִידְוֶועסְט אוּנְד נָארְד־וֶועסְט:

13 אוּנְד וֶוען דֶער דָרוֹם ווִינְד הָאט לַאנְגְזַאם גֶעבְּלָאזֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעדַאכְט אַז זֵייא הָאבֶּען דֶערְהַאלְטֶען זֵייעֶר פָארְנֶעמֶען, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא אַרוֹיסְגֶעפָארֶען אוּנְד הָאבֶּען קְרֶעטָא פַארְבֵּייא גֶעשִׁיפְט:

14 אָבֶּער נִיט לַאנְג דֶערְנָאךְ הָאט זִיךְ קֶעגֶען אִיהְר דֶערְהוֹיבֶּען אֵיין שְׁטוּרְמְווִינְד, וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען אַוְרִיקְלִידוֹן:

15 אוּנְד וֶוען דָאס שִׁיף וַואר דֶערְגְרִיפֶען, אוּנְד הָאט נִיט גֶעקֶענְט בֶּעשְׁטֵיין קֶעגֶען דֶעם ווִינְד, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר עֶס גֶעלָאזְט גֵיין:

16 אוּנְד מִיר זֶענֶען גֶעלָאפֶען אוּנְטֶער אֵיין אִינְזֶעל וָואס הֵייסְט קְלוֹדָא, אוּנְד הָאבֶּען קוֹים גֶעקֶענְט דָאס קְלֵיינֶע שִׁיפֶעלֶע דֶערְגְרֵייפֶען:

17 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס אַרוֹיפְגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד הָאבֶּען אַז גֶעהָאלְפֶען, אוּנְד הָאבֶּען דָאס שִׁיף אוּנְטֶערְגֶעגַארְטֶעלְט. וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זִיךְ מוֹרָא גֶעהַאט זֵייא זָאלֶען נִיט אִין דִיא זַאנְדֶען אַרֵיין פַאלֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶעם

וֶועגֶעל

זֶעגֶעל אַרוּפְּגֶעלָאזְט, אוּנְד זֶענֶען אַזוֹי גֶעפָארֶען :

18 אוּנְד וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין אַיין גְרוֹיסֶען שְׁטוּרְמְוִוינְד, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא דֶעם אַנְדֶערְן טָאג זַאכֶען אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען :

19 אוּנְד דֶעם דְרִיטֶען טָאג הָאבֶּען מִיר מִיט אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע הֶענְד דִיא כֵּלִים פוּן דֶעם שִׁיף אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען :

20 אוּנְד וֶוען דִיא זוּן אוּנְד דִיא שְׁטֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ נִיט בֶּעווִיזֶען פַאר פִּילֶע טֶעג, אוּנְד אַיין גְרוֹיסֶער שְׁטוּרְם וַואר קֶעגֶען אוּנְס, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר אַלֶע הָאפְנוּנְג פֶערְלוֹירֶען אַז מִיר זָאלֶען גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען :

21 אָבֶּער וֶוען מִיר הָאבֶּען שׁוֹין לַאנְג גֶעפַאסְט, אַזוֹי אִיז פּוֹלוֹס צְוִוישֶׁען זַייא אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער, אִיהְר הֶעט מִיךְ גֶעזָאלְט צוּהֶערֶען אוּנְד נִיט פוּן קְרֶעטָא אַרוֹיסְשִׁיפֶען, אַזוֹי הֶעטֶען מִיר פֶערְשְׁפָּארְט דִיזֶעס בֵּיידֶע אוּנְד שָׁאדֶען :

22 אָבֶּער אַצוּנְד עֶרְמוּנְטֶערֶע אִיךְ אֵייךְ אִיהְר זָאלְט גֶעטְרֵייסְט זַיין, וָוארִין קַיין אֵיינְצִיגֶער פוּן אֵייךְ וֶועט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען, נֵייעֶרְט דָאס שִׁיף אַלֵיין :

23 וָוארִין אִין דִיזֶער נַאכְט אִיז בֵּייא מִיר גֶעשְׁטַאנֶען אֵיין מַלְאָךְ פוּן גָאט, וֶועמֶעס אִיךְ בִּין, אוּנְד וֶועלְכֶען אִיךְ טְהוּא דִינֶען :

24 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פָארְכְט דִיךְ נִיט, פּוֹלוֹס, וָוארִין דוּא מוּזְט פַאר דֶעם קֵיסַר פָארְגֶעשְׁטֶעלְט וֶוערֶען. אוּנְד יֶעצְט הָאט דִיר גָאט גֶעגֶעבֶּען אַלֶע וָואס שִׁיפֶען זִיךְ מִיט דִיר :

25 דְרוּם לִיבֶּע לַייט, זַייט גֶעטְרֵייסְט. וָוארִין אִיךְ גְלוֹיבּ גָאט אַז עֶס וֶועט אַזוֹי גֶעשֶׁעהֶען וִויא עֶס אִיז מִיר גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען :

26 אָבֶּער מִיר מוּזֶען אוֹיף אֵיין אִינְזֶעל גֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען :

27 אוּנְד וֶוען עֶס וַואר דִיא פִירְצֶענְטֶע נַאכְט, וִויא מִיר וַוארֶען אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען אִין אַדְרִיָא, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא שִׁיפְּ'ס־לַייט גֶעדֶענְקְט אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט אַז זַייא קוּמֶען צוּ אַיין לַאנְד :

28 אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָאס בְּלֵיישְׁטֵיין גֶעזוּנְקֶען, אוּנְד הָאבֶּען עֶס גֶעפוּנֶען צְוַואנְצִיג קְלַאפְטֶער טִיף. אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען אַבִּיסֶעל וֵוייטֶער גֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זַייא וִוידֶער גֶעזוּנְקֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפוּנֶען פִיפְצֶען קְלַאפְטֶער :

29 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעפָארְכְטֶען אַז זַייא זָאלֶען נִיט אָן פֶעלְזֶען אָנְשְׁטוֹיסֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעוָוארְפֶען פִיר אַנְקֶערְס הִינְטֶען פוּן דֶעם שִׁיף, אוּנְד הָאבֶּען גֶעווִינְשְׁט עֶס זָאל טָאג וֶוערֶען :

30 אָבֶּער וִויא דִיא שִׁיפְסְלַייט הָאבֶּען גֶעזוּכְט צוּ אַנְטְלוֹיפֶען פוּן דֶעם שִׁיף, אוּנְד הָאבֶּען אַרוּפְּגֶעלָאזְט דָאס קְלֵיינֶע שִׁיפֶעל אִין יַם אַרֵיין, אוּנְד הָאבֶּען גֶעטְרַאכְט אַז זַייא הָאבֶּען גֶעוָואלְט אַנְקֶערְס וַוארְפֶען פוּן דֶער פָארְדֶער זֵייטֶע פוּן דֶעם שִׁיף :

31 אַזוֹי הָאט פּוֹלוֹס גֶעזָאגְט צוּ דֶעם הוֹיפְּטְמַאן אוּנְד צוּ דִיא זֶעלְנֶער, וֶוען דִיזֶע וֶועלֶען נִיט בְּלֵייבֶּען אִין דֶעם שִׁיף, אַזוֹי קֶענְט אִיהְר נִיט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען :

32 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא זֶעלְנֶער אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען דִיא שְׁטְרִיק פוּן דֶעם קְלֵיינֶעם שִׁיף אוּנְד הָאבֶּען עֶס גֶעלָאזְט פַאלֶען :

33 אוּנְד וִויא עֶס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען טָאג צוּ וֶוערֶען, אַזוֹי הָאט פּוֹלוֹס אַלֶע



געבעטען

גְעבֶּעטֶען אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ גֶעמֶען צוּ עֶסֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז שׁוֹין הֵיינְט פִירְצֶעהְן טָאג זִינְט אִיהְר וַוארְט, אוּנְד בְּלֵייבְּט אוּמְגֶעגֶעסֶען אוּנְד הָאט גָאר נִיט צוּ גֶענוּמֶען׃

34 דְרוּם בֶּעט אִיךְ אֵייךְ אִיהְר זָאלְט אֵייךְ גֶעמֶען צוּ עֶסֶען, וָוארִין דָאס אִיז פַאר אֵייעֶר גֶעזוּנְד. וָוארִין עֶס וֶועט אֵייךְ קֵיינֶעם נִיט אֵיין הָאר פוּן דֶעם קָאפּ צוּ דֶער עֶרְד פַאלֶען׃

35 אוּנְד ווִיא עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר גֶענוּמֶען בְּרוֹיט, אוּנְד הָאט גָאט גֶעדַאנְקְט צוּ פַאר אַלֶע, אוּנְד עֶר הָאט עֶס צוּבְּרָאכֶען אוּנְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ עֶסֶען׃

36 אוּנְד זֵייא וַוארֶען אַלֶע פְרֵיילִיךְ, אוּנְד הָאבֶּען אוֹיךְ גֶענוּמֶען צוּ עֶסֶען׃

37 אוּנְד מִיר וַוארֶען אַלֶע צוּזַאמֶען אִין דֶעם שִׁיף, צְוֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעקְס אוּנְד זִיבֶּעצִיג מֶענְשֶׁען׃

38 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ זַאט גֶעגֶעסֶען, הָאבֶּען זֵייא דָאס שִׁיף גְרִינְגֶער גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאבֶּען דָאס קָארְן אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען אִין יַם אַרֵיין׃

39 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארֶען אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא נִיט דֶערְקֶענְט דָאס לַאנְד. אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען דֶערְזֶעהֶען אֵיין בּוּזֶען וָואס הָאט גֶעהַאט אֵיין בָּארְטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעוָואלְט דָאס שִׁיף דָארְטֶען אַרֵיינְטְרֵייבֶּען, וֶוען עֶס וַואר מֶעגְלִיךְ׃

40 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דִיא אַנְקֶערְס אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ אוֹיף דֶעם יַם גֶעלָאזְט. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען לוֹיז גֶעמַאכְט דִיא בֶּענְדֶער פוּן דֶעם רוּדֶער, אוּנְד הָאבֶּען אוֹיפְגֶערִיכְט דֶעם גְרוֹיסֶען זֶעגֶעל קֶעגֶען ווִינְד, אוּנְד הָאבֶּען גֶעשִׁיפְט צוּם בְּרֶעג׃

41 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעשְׁלָאגֶען אָן אֵיין אָרְט ווִיא דָאס יַם אִיז אוֹיף בֵּיידֶע זֵייטֶען, אוּנְד דָאס שִׁיף אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין אוֹיף דֶעם גְרוּנְד, אוּנְד דֶער פָארְדֶערְשְׁטֶער טֵייל הָאט פֶעסְט גֶעשְׁטֶעקְט אוּנְד אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אוּמְבֶּעוֶועגְלִיךְ. אָבֶּער דֶער אוּנְטֶערְשְׁטֶער טֵייל אִיז צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶער מַאכְט פוּן דִיא וֶועלֶען׃

42 אוּנְד דִיא זֶעלְנֶער הָאבֶּען גֶערָאטֶען אַז זֵייא זָאלֶען אוּמְבְּרֶענְגֶען דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע, אַז קֵיינֶער פוּן זֵייא זָאל נִיט אַוֶועק שְׁווִימֶען אוּנְד אַנְטְרִינֶען׃

43 אָבֶּער דֶער הוֹיפְּטמַאן הָאט גֶעוָואלְט פּוֹלוּס רֶעטֶען, אַזוֹי הָאט עֶר זֵייעֶר עֵצָה פַארְוֶועהְרְט. אוּנְד עֶר הָאט בֶּעפוֹילֶען אַז דִיא וָואס קֶענֶען שְׁווִימֶען זָאלֶען זִיךְ צוּעֶרְשְׁט אִין דֶעם יַם אַרֵיינְוַוארְפֶען, אוּנְד אוֹיף׳ס לַאנְד קוּמֶען׃

44 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זָאלֶען זִיךְ לָאזֶען עֶטְלִיכֶע אוֹיף בְּרֶעטֶער אוּנְד עֶטְלִיכֶע אוֹיף שְׁטִיקֶער פוּן דֶעם שִׁיף, אוּנְד עֶס אִיז אַזוֹי גֶעשֶׁעהֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַלֶע זִיכֶער צוּם לַאנְד גֶעקוּמֶען׃

## קאפיטעל כח

1 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען זִיכֶער עֶנְטְרוּנֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעוְואוּסְט אַז דִיא אִינְזֶעל וֶוערְט גֶערוּפֶען מֶעלִיטָא׃

2 אוּנְד דִיא לַאנְדסלֵייט הָאבֶּען אוּנְס פִיל פְרֵיינְדשַׁאפְט דֶערְצֵייגְט. וָוארִין זֵייא הָאבֶּען אֵיין פֵייעֶר אָנְגֶעצוּנְדֶען, אוּנְד הָאבֶּען אוּנְס אַלֶע אַרֵיינְגֶענוּמֶען, וֶועגֶען דֶעם רֶעגֶען וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְד וֶועגֶען דֶער קֶעלְט׃

3 אוּנְד וֶוען פּוֹלוּס הָאט צוּזַאמֶען גֶעקְלִיבֶּען פִיל שְׁטִיקֶער הָאלְץ אוּנְד הָאט

עס

עֶס אוֹיף דֶעם פֵייעֶר גֶעלֵייגְט, אַזוֹי אִיז אֵיין שְׁלַאנְג אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דֶער הִיץ, אוּנְד הָאט זִיךְ בֶּעהֶעפְט אָן זֵיינֶע הַאנְד:

4 אוּנְד ווִיא דִיא לַאנְדסלֵייט הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דִיא שְׁלַאנְג אוֹיף זֵיינֶע הַאנְד הֶענְגֶען, הָאבֶּען זַייא אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְען גֶעזָאגְט, דִיזֶער מַאן אִיז גֶעווִיס אֵיין רוֹצֵחַ, אוּנְד חָאטְשֶׁע עֶר אִיז אַנְטְרִינֶען פוּן דֶעם יַם, אַזוֹי לָאזְט אִיהְם דִיא נְקָמָה נִיט לֶעבֶּען:

5 אָבֶּער עֶר הָאט דִיא שְׁלַאנְג אָפְּגֶעשָׁאקֶעלְט אִין פֵייעֶר אַרֵיין, אוּנְד הָאט גָאר קֵיין בֵּייז נִיט גֶעלִיטֶען:

6 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעטְרַאכְט אַז עֶר ווֶעט פְּלִיצְלִינְג טוֹיט אַנִידֶער פַאלֶען. אָבֶּער ווֶען זַייא הָאבֶּען לַאנְג גֶעווַארְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז עֶס אִיז אִיהְם גָאר קֵיין בֵּייז נִיט גֶעשֶׁעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ מְיַשֵּׁב גֶעווֶעזֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט עֶר אִיז אֵיין גָאט:

7 אוּנְד אַרוּם דִיזֶען אָרְט הָאט דֶער עֶלְצְטֶער פוּן דֶער אִינְזֶעל גֶעהַאט אֵיין שְׁטִיק לַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען פּוּבְּלִיוּס. דִיזֶער הָאט אוּנְס פְרֵיינְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען, אוּנְד מִיר זֶענֶען בֵּייא אִיהְם אֵיינְגֶעשְׁטַאנֶען דְרֵייא טֶעג:

8 אוּנְד עֶס ווַאר דָאס דֶער פָאטֶער פוּן פּוּבְּלִיוּס אִיז קְרַאנְק גֶעלֶעגֶען אוֹיף אֵיין קַדַחַת אוּנְד אֵיין בְּלוּט פְּלוּס, אוּנְד פּוֹלוּס אִיז צוּ אִיהְם אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֵייגְט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעהֵיילְט:

9 אוּנְד ווִיא דָאס ווַאר גֶעשֶׁעהֶען, אַזוֹי זֶענֶען אוֹיךְ אַנְדֶערֶע פוּן דֶער אִינְזֶעל צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, ווָאס הָאבֶּען גֶעהַאט קְרַאנְקְהֵייטֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעהֵיילְט גֶעווָארֶען:

10 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוּנְס גְרוֹיס כָּבוֹד אָנְגֶעטְהוּן. אוּנְד ווֶען מִיר זֶענֶען אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זַייא אוּנְס בֶּעלָאדֶען מִיט ווָאס מִיר הָאבֶּען בֶּעדַארְפְט:

11 אוּנְד נָאךְ דְרֵייא חֳדָשִׁים הָאבֶּען מִיר זִיךְ אַוֶועק גֶעשִׁיפְט אִין אֵיין שִׁיף פוּן אַלֶכְּסַנְדְרִיָא ווָאס הָאט אִיבֶּערְגֶעווִינְטֶערְט אִין דֶער אִינְזֶעל, אוּנְד אִיהְר צֵייכֶען ווַאר אֵיין צְווִילִינְג:

12 אוּנְד מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין סִירַאקוּזָא, אוּנְד זֶענֶען דָארְטֶען גֶעבְּלִיבֶּען דְרֵייא טֶעג:

13 אוּנְד פוּן דָארְט הָאבֶּען מִיר אַרוּמְגֶעשִׁיפְט אוּנְד זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין רֶעגִיוּס. אוּנְד נָאךְ אֵיין טָאג אִיז דֶער דָרוֹם ווִינְד אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען דֶעם אַנְדֶערְן טָאג קֵיין פּוּטֶעאָלִי:

14 אוּנְד מִיר הָאבֶּען דָארְט גֶעפוּנֶען בְּרִידֶער, אוּנְד ווַארֶען גֶעבֶּעטֶען אַז מִיר זָאלֶען בֵּייא זַייא בְּלֵייבֶּען זִיבֶּען טֶעג. אוּנְד אַזוֹי זֶענֶען מִיר גֶעגַאנְגֶען קֵיין רוֹם:

15 אוּנְד פוּן דָארְטֶען, ווֶען דִיא בְּרִידֶער הָאבֶּען פוּן אוּנְס גֶעהֶערְט, זֶענֶען זַייא אוּנְס אַנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען בִּיז צוּם מַארְק פוּן אַפִּיוּס אוּנְד דִיא דְרֵייא הֶערְבֶּערְגֶען. אוּנְד ווִיא פּוֹלוּס הָאט זַייא גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר גָאט גֶעדַאנְקְט, אוּנְד הָאט מוּטְה בֶּעקוּמֶען:

16 אוּנְד ווֶען מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין רוֹם, הָאט דֶער הוֹיפְּטְמַאן אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע צוּם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דֶער ווַאךְ. אָבֶּער עֶר הָאט דֶערְלוֹיבְּט פּוֹלוּס פַאר זִיךְ צוּ בְּלֵייבֶּען,

מִיט אֵיין זֶעלְנֶער וָואס הָאט אִיהְם גֶעהִיט׃

17 אוּנְד עֶס וואַר נָאךְ דְרַייא טֶעג אַזוֹי הָאט פּוֹלוֹס צוּזַאמֶען גֶערוּפֶען דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא יוּדֶען. אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען זִיךְ אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט, הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט, מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, אִיךְ הָאבּ גָאר נִישְׁט גֶעטְהוּן קֶעגֶען דִיא מִנְהָגִים פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, אוּנְד אִיךְ בִּין אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען פוּן יְרוּשָׁלַיִם אֵיין גֶעפַאנְגֶענֶער אִין דִיא הֶענְד אַרַיין פוּן דִיא רוֹמִיִים׃

18 וָואס וֶוען זַייא הָאבֶּען מִיךְ פַארְ־הֶערְט הָאבֶּען זַייא מִיךְ גֶעוָואלְט פְרַייא לָאזֶען, ווייל עֶס אִיז אָן מִיר נִיט־גֶער־וֶועזֶען קֵיין שׁוּם פַארשׁוּלְד פוּן טוֹיט׃

19 אָבֶּער ווִיא דִיא יוּדֶען הָאבֶּען דֶערְוִוידֶער גֶעשְׁפְּרָאכֶען, אַזוֹי וואַר אִיךְ גֶעצְוִוינְגֶען מִיךְ צוּ פַאר רוּפֶען אוֹיף דֶעם קֵיסַר. נִיט אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ עֶפֶּעס מֵיין פָאלְק צוּ פַארקְלָאגֶען׃

20 דָארוּם הָאבּ אִיךְ אֵייךְ גֶערוּפֶען אִיךְ זָאל אֵייךְ זֶעהֶען אוּנְד זָאל מִיט אֵייךְ רֶעדֶען. וָוארִין פוּן וֶועגֶען דֶער הָאפְנוּנְג פוּן יִשְׂרָאֵל בִּין אִיךְ גֶעבּוּנְדֶען מִיט דִיזֶער קֵייט׃

21 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־זָאגְט, מִיר הָאבֶּען קֵיינֶע בְּרִיף נִיט דֶערְהַאלְטֶען פוּן לַאנְד יְהוּדָה וֶועגֶען דִיר, אוּנְד קֵיינֶער פוּן דִיא בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען הָאט פוּן דִיר נִיט דֶערְ־צֵיילְט אָדֶער עֶפֶּעס שְׁלֶעכְטֶעס גֶערֶעט׃

22 אָבֶּער מִיר הָאבֶּען גֶעוָואלְט פוּן דִיר הֶערֶען וָואס דוּא דֶענְקְסְט, וָוארִין וֶועגֶען דִיזֶע כִּיתָּה אִיז עֶס אוּנְס בֶּע־קֶענְט אַז מֶען רֶעט דֶערְקֶעגֶען אִין אַלֶע עֶרְטֶער׃

23 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם בֶּעשְׁטֶעלְט אֵיין טָאג, אוּנְד פִילֶע זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אִין דֶער הֶערְבֶּערְגֶע אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא דֶערְקְלֶערְט אוּנְד בֶּע־צֵייגְט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, אוּנְד הָאט זַייא אִיבֶּער גֶערֶעט וֶועגֶען יֵשׁוּעַ, פוּן תּוֹרַת מֹשֶׁה אוּנְד דִיא נְבִיאִים, פוּן מָארְגֶען בִּיז אָבֶענְד׃

24 אוּנְד עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעגְלֵייבְּט דִיא זַאכֶען וָואס וַוארֶען גֶעשְׁפְּרָאכֶען, אוּנְד עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען נִיט גֶעגְלֵייבְּט׃

25 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען נִיט אֵיינִיג גֶעוָוארֶען אוּנְטֶער אַנַאנְדֶער, זֶענֶען זַייא אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד פּוֹלוֹס הָאט נָאךְ אֵיין וָוארְט גֶעזָאגְט, אַז דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ הָאט רֶעכְט גֶעזָאגְט דוּרְךְ יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא צוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת׃

26 אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא צוּ דִיזֶען פָאלְק אוּנְד זָאג זַייא אִיהְר וֶועט וְואוֹיל הֶערֶען אוּנְד וֶועט נִיט פַארשְׁטֵיין, אוּנְד אִיהְר וֶועט וְואוֹיל זֶעהֶען אוּנְד וֶועט נִיט ווִיסֶען׃

27 וָוארִין דָאס הַארְץ פוּן דִיזֶען פָאלְק אִיז פֶעט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵיירֶע אוֹירֶען זֶענֶען שְׁוֶוער צוּ הֶערֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען פַארשְׁלָאסֶען זֵיירֶע אוֹיגֶען, טָאמֶער וֶועלֶען זַייא זֶעהֶען מִיט דִיא אוֹיגֶען, אוּנְד הֶערֶען מִיט דִיא אוֹירֶען, אוּנְד פַארשְׁטֵיין מִיט דֶעם הַארְץ, אוּנְד וֶועלֶען זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא הֵיילֶען׃

28 דְרוּם זָאל עֶס אֵייךְ בֶּעוְואוּסְט זֵיין אַז דִיא יְשׁוּעָה פוּן גָאט אִיז גֶעשִׁיקְט צוּ דִיא גוֹיִם, אוּנְד זַייא וֶועלֶען עֶס הֶערֶען׃

29 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, זֶענֶען דִיא יוּדֶען אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען. אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעהַאט אֵיין גְרוֹיסֶען וִיכּוּחַ צְווִישֶׁען זִיא זֶעלְבְּסְט׃

30 אונד פולוס האט געוואוינט צוויא גאנצע יאהר אין זיין געדונגענעם־הויז, אונד האט אנטפאנגען אלע וואס זענען צו איהם אריינגעקומען:
31 אונד ער האט געפרעדיגט דאס קעניגרייך פון גאט, אונד האט געלעהרט פון דעם האר ישוע המשיח גאנץ עפענטליך, אונד קיינער האט איהם ניט געוועהרט:



# דער בריף פון דעם
# אפאסטעל (שליח) פאול צו די רומיים.

1 פאול איין קנעכט פון ישוע המשיח בערופען צו זיין איין אפאסטעל (שליח), אפגעזונדערט צו דער בשורה פון גאט:
2 (וועלכעס ער האט פריער צוגעזאגט דורך זיינע נביאים אין דער היליגע שריפט):
3 וועגען זיין זוהן ישוע המשיח אונזער האר, וואס וואר געבוירען פון דעם זאמען פון דוד נאך דעם פלייש:
4 אונד וואר בעוויזען אז ער איז דער זוהן פון גאט מיט מאכט, נאך דעם גייסט פון היילגקייט, דורך דעם אויפ־שטיין פון דעם טויט:
5 דורך וועלכען מיר האבען ענט־פאנגען גנאד אונד דעם דינסט פון איין אפאסטעל (שליח), צום געהארכ־זאם פון דעם גלויבען אונטער אלע פעלקער, דורך זיין נאמען:
6 אונד איהר זייט אויך צווישען זייא, די בערופענע פון ישוע המשיח:
7 צו אלע וואס זענען אין רום, די געליבטע פון גאט, די בערופענע היליגע, גנאד זייא מיט אייך אונד שלום פון גאט אונזער פאטער, אונד פון דעם האר ישוע המשיח:
8 צום ערשטען דאנק איך מיין גאט דורך ישוע המשיח פאר אייך אלע, דאס אייער גלויבען ווערט דערצייהלט אין דער גאנצער וועלט:
9 וואָרין גאט איז מיין עדות, וועלכען איך דיען אין מיין גייסט אין דער בשורה פון זיין זוהן, דאס איך געדענק אן אייך אהן אויפהערער:
10 אונד איך בעט בעשטענדיג אין מיינע תפילות, אז איך זאל אמאל מצליח זיין אין מיין וועג דורך דעם ווילען פון גאט, צו אייך צו קומען:
11 וואָרין איך פערלאנג אייך צו זעהען, אז איך זאל אייך געבען עפעס א גייסט־ליכע גאב, אז איהר זאלט געשטארקט ווערען:
12 דאס הייסט, אז איך זאל מיט אייך געטרייסט ווערען, דורך אייער

אונד

אוּנְד מֵיין גְלוֹיבֶּען וָואס מִיר הָאבֶּען
אוּנְטֶער אַנַאנְדֶער ׃
13 אוּנְד אִיךְ ווִיל עֶס פוּן אֵייךְ נִיט
בֶּעהַאלְטֶען, בְּרִידֶער, אַז אִיךְ הָאבּ
מִיר אָפְט פָארְגֶענוּמֶען צוּ אֵייךְ צוּ
קוּמֶען, (אָבֶּער אִיךְ וַואר בִּיז אַהֶער
גֶעהִינְדֶערְט) אַז אִיךְ זָאל צְווִישֶׁען אֵייךְ
אוֹיךְ עֶפֶּעס פְּרוּכְט הָאבֶּען, אַזוֹי ווִיא
צְווִישֶׁען אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער ׃
14 אִיךְ בִּין אֵיין שׁוּלְדְנֶער צוּ דִיא
גְרִיכֶען אוּנְד צוּ דִיא פְרֶעמְדֶע, צוּ דִיא
קְלוּגֶע אוּנְד צוּ דִיא נַארוּנִים ׃
15 דָארוּם, פוּן מֵיינֶעטְוֶועגֶען בִּין אִיךְ
בֶּערֵייט צוּ פְּרֶעדִיגֶען אוֹיךְ צוּ אֵייךְ
וָואס זֶענְט אִין רוֹם ׃
16 וָוארִין אִיךְ שֶׁעהְם מִיךְ נִיט מִיט
דֶער בְּשׂוֹרָה פוּן דֶעם מָשִׁיחַ, וָוארִין
עֶס אִיז דִיא מַאכְט פוּן גָאט צוּ הֶעלְ־
פֶען אִיטְלִיכֶען וָואס גְלוֹיבְּט, עֶרְשְׁט צוּ
דִיא יְהוּדִים אוּנְד אוֹיךְ צוּם יָוָן ׃
17 וָוארִין דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט
אִיז דְרִינֶען עֶנְטְפְּלֶעקְט פוּן גְלוֹיבֶּען צוּם
גְלוֹיבֶּען, אַזוֹי ווִיא עֶס שְׁטֵייט גֶע־
שְׁרִיבֶּען, דֶער גֶערֶעכְטֶער וֶועט לֶעבֶּען
דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען ׃
18 וָוארִין דֶער צָארְן פוּן גָאט אִיז
עֶנְטְפְּלֶעקְט פוּן הִימֶעל אִיבֶּער אַלֶע
בֵּייזְהֵייט אוּנְד אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן
מֶענְשֶׁען וָואס הַאלְטֶען דִיא וָואהְרְהֵייט
אִין אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט ׃
19 וָוארִין דָאס וָואס מֶען קֶען ווִיסֶען
פוּן גָאט אִיז צוּ זֵייא עֶנְטְפְּלֶעקְט,
וָוארִין גָאט הָאט עֶס צוּ זֵייא עֶנְטְ־
פְּלֶעקְט ׃
20 וָוארִין זֵיינֶע פֶערְבָּארְגֶענֶע זַאכֶען
פוּן אָנְפַאנְג פוּן דֶער וֶועלְט וֶוערֶען גֶע־
זֶעהֶען אוּנְד בֶּעמֶערְקְט אִין דִיא מַעֲשִׂים,
דָאס הֵייסְט זֵיינֶע אֵייבִּיגֶע קְרַאפְט אוּנְד
גָאטְהֵייט. אַזוֹי קֶענֶען זֵייא קֵיין פַארְ־
עֶנְטְפֶער נִיט הָאבֶּען ׃
21 וָוארִין וֶוען זֵייא הָאבֶּען גָאט גֶע־
קֶענְט, הָאבֶּען זֵייא אִיהְם נִיט בְּכָבוֹד
גֶעהַאלְטֶען ווִיא גָאט, אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם נִיט גֶעדַאנְקְט, נֵייעֶרְט זֵייא זֶענֶען
אֵייטֶעל גֶעוָוארֶען אִין זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען,
אוּנְד זֵייעֶר אוּמְפֶערְשְׁטֶענְדִיג הַארְץ אִיז
פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען ׃
22 אוּנְד ווייל זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶע־
הַאלְטֶען פַאר קְלוּג זֶענֶען זֵייא נַארוּנֶעס
גֶעוָוארֶען ׃
23 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְוֶועקְסֶעלְט
דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דֶעם אוּמְפֶערְ־
דֶערְבְּלִיכֶען גָאט פַאר אֵיין בִּילְד גְלֵייךְ
צוּ אֵיין פֶערְדֶערְבְּלִיכֶען מֶענְשׁ, אוּנְד
צוּ פֵייגֶעל, אוּנְד פִירְפִיסִיגֶע חַיּוֹת, אוּנְד
גֶעוֶוערְם ׃
24 דָארוּם הָאט זֵייא גָאט אוֹיךְ
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ אוּמְרֵיינִיגְקֵייט אִין
דֶעם גְלוּסְטֶען פוּן זֵיירֶע הֶערְצֶער, אַז
זֵייא זָאלֶען זֵיירֶע אֵייגֶענֶע לֵייבֶּער שֶׁענְ־
דֶען צְווִישֶׁען זִיךְ זֶעלְבְּסְט ׃
25 וָואס הָאבֶּען פֶערְוֶועקְסֶעלְט דִיא
וָואהְרְהֵייט פוּן גָאט פַאר אַ לִיגֶען,
אוּנְד הָאבֶּען פֶערְהֶערְט אוּנְד גֶעדִינְט
דָאס בֶּעשֶׁעפֶּענִים מֶעהְר ווִיא דֶעם
בֶּעשֶׁעפֶּער, וָואס אִיז גֶעבֶּענְשְׁט אוֹיף
אֵייבִּיג, אָמֵן ׃
26 דָארוּם הָאט זֵייא גָאט אִיבֶּערְגֶע־
גֶעבֶּען צוּ שֶׁענְדְלִיכֶע גְלוּסְטִיגְקֵייט, דָאס
זֵיירֶע נְקֵבוֹת הָאבֶּען פֶערְוֶועקְסֶעלְט
זֵיירֶען נַאטִירְלִיכֶען גֶעבְּרוֹיךְ פָאר דֶעם
וָואס אִיז אוּנְנַאטִירְלִיךְ ׃
27 אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דִיא זְכָרִים הָאבֶּען
פֶערְלָאזְט דֶעם נַאטִירְלִיכֶען גֶעבְּרוֹיךְ
פוּן

פון דֶער פְרויא, אוּנְד הָאבֶּען גֶעבְּרֶענְט
אִין זֵייעֶרע גְלוּסְטִיגְקֵייט אֵיינֶער צוּם
אַנְדֶערֶען, אוּנְד אֵיין זָכָר מִיט דֶעם
אַנְדֶערֶען הָאט שַׁאנְד גֶעטְרִיבֶּען, אוּנְד
הָאבֶּען אִין זִיךְ עֶנְטְפַאנְגֶען דֶעם שְׂכַר
פוּן זֵייעֶר פֶערְפִירֶענִים אַזוֹי וִויא עֶס
גֶעהֶערְט צוּ זַיין:
28 אוּנְד גְלֵייךְ וִויא זֵייא הָאבֶּען נִיט
גֶעוָואלְט גָאט דֶערְהַאלְטֶען אִין זֵייעֶרע
וִויסֶענְשַׁאפְט, אַזוֹי הָאט זֵייא גָאט
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ אֵיין פֶערְקֶעהְרְטֶען
פֶערְשְׁטַאנְד, צוּ טְהוּן וָואס אִיז נִיט
רֶעכְט:
29 אוּנְד זֵייא וַוארֶען דֶערְפִילְט מִיט
אַלֶערְלֵייא אוּמְרֶעכְט, זְנוּת, שַׁאלְקְהַייט,
גֵייצִיגְקֵייט, בֵּייזְהַייט, פוּל מִיט קִנְאָה,
מָארְד, צַאנְקֶערֵייא, שְׁווִינְדֶעל, אוּנְד
בֵּייזֶע גֶעדַאנְקֶען:
30 שְׁוֶועצֶערְס, פֶערלֵיימְדֶערְס, דִיא
פֵּיינְד פוּן גָאט, לֶעסְטֶערֶערְס, הָאכְ־
מִיטִיג, רִיהְמֶערְס, אוֹיסְטְרַאכְטֶערְס פוּן
בֵּייזֶע זַאכֶען, ווִידֶערשְׁפֶּענִיג קֶעגֶען דִיא
עֶלְטֶערֶען:
31 אוּמְפֶערשְׁטֶענְדִיג, אוּמְגֶעטְרֵייא,
אוּנְנַאטִירְלִיכֶע לִיבֶּע, אוּמְבַּארְמְהֶערְצִיג:
32 אוּנְד חָאטְשֶׁע זֵייא ווִיסֶען דָאס
גֶערִיכְט פוּן גָאט, אַז דִיא וָואס טְהוּן
זָאלְכֶע זַאכֶען זֶענֶען ווֶערְט דֶעם טוֹיט,
אַזוֹי טְהוּן זֵייא עֶס נִיט אַלֵיין, נֵייעֶרְט
זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ אֵיין גֶעפַאלֶען אִין
דִיא וָואס טְהוּן עֶס:

## קַאפִּיטֶעל ב

1 דָארוּם קֶענְסְט דוּא דִיךְ נִיט פֶערְ־
עֶנְטְפֶערֶען, דוּא מֶענְשׁ, ווֶער דוּא אוֹיךְ
בִּיסְט, וָואס דוּא טְהוּסְט רִיכְטֶען, ווָארִין
אִין דֶער זַאךְ וָואס דוּא טְהוּסְט אֵיין
אַנְדֶערֶען רִיכְטֶען, טְהוּסְט דוּא דִיךְ
אַלֵיין פֶערְשׁוּלְדִיגֶען. ווָארִין דוּא וָואס
רִיכְטֶעסְט טְהוּסְט דָאס גֶעמְלִיכֶע:
2 אָבֶּער מִיר ווִיסֶען אַז דָאס גֶערִיכְט
פוּן גָאט אִיז אִין דֶער וָואהְרְהֵייט אִיבֶּער
דִיא וָואס טְהוּן זָאלְכֶע זַאכֶען:
3 אוּנְד מֵיינְסְט דוּא, אוֹי מֶענְשׁ, וָואס
דוּא טְהוּסְט רִיכְטֶען דִיא וָואס טְהוּן
זָאלְכֶע זַאכֶען, אוּנְד טְהוּסְט זֶעלְבְּסְט
דָאס גֶעמְלִיכֶע, אַז דוּא ווֶעסְט עֶנְטְ־
רִינֶען דָאס גֶערִיכְט פוּן גָאט?
4 אָדֶער טְהוּסְט דוּא פֶערשֶׁעהְמֶען
דֶעם רֵייכְטוּם פוּן זֵיינֶער גִיטִיגְקֵייט
אוּנְד גֶעדוּלְד אוּנְד לַאנְגְמִיטִיגְקֵייט,
דוּא ווֵייסְט נִיט אַז דִיא גִיטִיגְקֵייט פוּן
גָאט פִיהְרְט דִיךְ צוּר תְּשׁוּבָה?
5 אָבֶּער דוּא, נָאךְ דַיין הַארְטֶען אוּנְד
פֶערְקֶערְטֶען הַארְץ טְהוּסְט אִיבֶּער דִיר
אֵיינְזַאמְלֶען צָארְן אוֹיף דֶעם טָאג פוּן
צָארְן, ווֶען דָאס גֶערֶעכְטֶע מִשְׁפָּט פוּן
גָאט ווֶעט עֶנְטְפְּלֶעקְט ווֶערֶען:
6 וָואס ווֶעט בֶּעצָאלֶען צוּ אִיטְלִיכֶען
נָאךְ זַיינֶע מַעֲשִׂים נָאךְ:
7 צוּ דִיא ווֶעלְכֶע מִיט גֶעדוּלְד אוּנְד
גוּטֶע מַעֲשִׂים זוּכֶען לוֹיבּ אוּנְד כָּבוֹד,
אוּנְשְׁטֶערְבְּלִיכְקֵייט, דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען:
8 אָבֶּער צוּ דִיא וָואס צַאנְקֶען זִיךְ
אוּנְד גֶעהָארְכֶען נִיט דִיא וָואהְרְהֵייט,
נֵייעֶרְט גֶעהָארְכֶען אוּמְרֶעכְט, צָארְן
אוּנְד גְרִימְצָארְן:
9 אֵיינֶע צָרָה אוּנְד אַנְגְסְט אִיבֶּער
אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ וָואס טְהוּט בֵּייז,
עֶרְשְׁט אִיבֶּער דֶעם יְהוּדִי, אוּנְד אוֹיךְ
אִיבֶּער דֶעם יָוָן:
10 אָבֶּער כָּבוֹד אוּנְד לוֹיבּ אוּנְד
שָׁלוֹם צוּ אִיטְלִיכֶען וָואס טְהוּט גוּטֶעס,
עֶרְשְׁט צוּם יְהוּדִי, אוּנְד אוֹיךְ צוּם יָוָן:
11 ווָארִין גָאט אִיז נִיט קֵיין נוֹשֵׂא פָּנִים:

12 וָוארִין דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט
אָהְן אֵיין גֶעזֶעץ, דִיא וֶועלֶען אוֹיךְ אָהְן
אֵיין גֶעזֶעץ פֶּערְלוֹירֶען וֶוערֶען; אוּנְד
דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט אוּנְטֶער
דֶעם גֶעזֶעץ וֶועלֶען גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען
דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ:
13 (וָוארִין נִיט דִיא וָואס הֶערֶען דָאס
גֶעזֶעץ זֶענֶען גֶערֶעכְט פַאר גָאט, נֵייעֶרְט
דִיא וָואס טְהוּן דָאס גֶעזֶעץ וֶועלֶען
גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט וֶוערֶען:
14 וָוארִין, וֶוען דִיא פֶעלְקֶער וָואס
הָאבֶּען נִיט דָאס גֶעזֶעץ טְהוּן פוּן דֶער
נַאטוּר דָאס וָואס אִיז גֶעבָּאטֶען אִים
גֶעזֶעץ, דִיזֶע, וֵוייל זֵייא הָאבֶּען נִיט
קֵיין גֶעזֶעץ, זֶענֶען אֵיין גֶעזֶעץ צוּ זִיךְ
זֶעלְבְּסְט:
15 וָואס בֶּעוֵוייזֶען אַז דָאס וֶוערְק פוּן
דֶעם גֶעזֶעץ אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען אִין זֵייעֶר
הַארְץ, אוּנְד זֵייעֶר גֶעווִיסֶען בֶּעצֵייגְט
זֵייא אוֹיךְ, אוּנְד זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען טְהוּן
זִיךְ אוּנְטֶער אַנַאנְדֶער פֶערְקְלָאגֶען אָדֶער
רֶעכְטפֶערְטִיגֶען):
16 אִין דֶעם טָאג וֶוען גָאט וֶועט
רִיכְטֶען דִיא גֶעהֵיימְנִיסֶע פוּן דִיא מֶענְ־
שֶׁען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, נָאךְ מֵיינֶע
בְּשׂוֹרָה:
17 זֶעה דוּא וֶוערְסְט גֶערוּפֶען אֵיין
יְהוּדִי, אוּנְד פֶערְלָאזְט דִיךְ אוֹיף דֶעם
גֶעזֶעץ, אוּנְד רִיהמְסְט דִיךְ מִיט גָאט:
18 אוּנְד ווֵייסְט זֵיין ווִילֶען, אוּנְד
פְּרוּפְסְט דִיא בֶּעסְטֶע זַאכֶען, ווֵייל דוּא
בִּיסְט גֶעלֶעהְרְט אִין דֶער תּוֹרָה:
19 אוּנְד דוּא בִּיסְט פֶערְזִיכֶערְט אַז
דוּא בִּיסְט אֵיין פִיהְרֶער פוּן דִיא
בְּלִינְדֶע, אֵיין לִיכְט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען
אִין דֶער פִינְסְטֶער:
20 אֵיין צִיכְטִיגֶער צוּ דִיא נַארֶען,
אֵיין לֶעהְרֶער פוּן קִינְדֶער, אוּנְד דוּא
הָאסְט דָאס בִּילְד פוּן ווִיסֶענְשַׁאפְט אוּנְד
פוּן דִיא וָואהְרְהֵייט, וָואס אִיז אִין דֶער
תּוֹרָה:
21 דָארוּם דוּא וָואס לֶעהְרְסְט אֵיין
אַנְדֶערֶען, לֶעהְרְסְט דוּא נִיט דִיךְ
אַלֵיין? דוּא וָואס טְהוּסְט פְּרֶעדִיגֶען
אַז מֶען זָאל נִיט גַנְבְ'נֶען, טְהוּסְט דוּא
גַנְבְ'נֶען?
22 דוּא וָואס זָאגְסְט אַז מֶען זָאל נִיט
אוּמְקֵיישֶׁען, טְהוּסְט דוּא אוּמְקֵיישֶׁען?
דוּא וָואס טְהוּסְט פֶערְאוּמְווִירְדִיגֶען דִיא
אָפְּגֶעטֶער, טְהוּסְט דוּא דֶעם טֶעמְפֶּעל
רוֹיבֶּען?
23 דוּא וָואס רִיהמְסְט דִיךְ מִיט דֶעם
גֶעזֶעץ, טְהוּסְט דוּא גָאט פֶערְשֶׁעהְמֶען
דוּרְךְ זִינְדִיגֶען קֶעגֶען דֶעם גֶעזֶעץ?
24 וָוארִין דֶער נָאמֶען פוּן גָאט וֶוערְט
דוּרְךְ אֵייךְ גֶעלֶעסְטֶערְט צְווִישֶׁען דִיא
גוֹיִם, אַזוֹי ווִיא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען:
25 וָוארִין דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג (מִילָה)
טְהוּט ווָאוויל הֶעלְפֶען וֶוען דוּא הַאלְטְסְט
דִיא תּוֹרָה; אָבֶּער וֶוען דוּא טְהוּסְט
דִיא תּוֹרָה אִיבֶּערְטְרֶעטֶען, אַזוֹי אִיז
דֵיינֶע בֶּעשְׁנֵיידוּנְג גֶעוָוארֶען אוּמְבֶּעְ־
שְׁנֵיידוּנְג (עָרְלָה):
26 דָארוּם וֶוען דִיא עֲרֵלִים הַאלְ־
טֶען דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֶער
תּוֹרָה, וֶועט נִיט זֵיינֶע אוּמְבֶּעשְׁנֵיידוּנְג
גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען פַאר בֶּעשְׁנֵיידוּנְג?
27 אוּנְד דִיא אוּמְבֶּעשְׁנֵיידוּנְג וָואס אִיז
פוּן דֶער נַאטוּר, וֶוען עֶס הַאלְט דָאס
גֶעזֶעץ, וֶועט דִיךְ רִיכְטֶען וָואס דוּא
טְהוּסְט מִיט דֶעם בּוּכְשְׁטַאבּ אוּנְד דִיא
בֶּעשְׁנֵיידוּנְג דִיא תּוֹרָה אִיבֶּערְטְרֶעטֶען:
28 וָוארִין נִיט דֶער אִיז אֵיין יְהוּדִי
וָואס אִיז אַזוֹי אוֹיסְוֶוייניג, אוּנְד דָאס

אִיז נִיט בֶּעשְׁנֵיידוּנְג וָואס אִיז אוֹיסְ־
וֶוינִיג אִין דֶעם פְלֵייש:
29 נֵייעֶרְט דֶער אִיז אֵיין יְהוּדִי וָואס
אִיז אֵיינֶער אִינְוֶוינִיג; אוּנְד דִיא בֶּע־
שְׁנֵיידוּנְג אִיז דִיא פוּן דֶעם הַארְץ, אִים
גֵייסְט, נִיט אִין דֶעם בּוּכְשְׁטַאבּ, וָואס
זַיין לוֹיבּ אִיז נִיט פוּן מֶענְשֶׁען נֵייעֶרְט
פוּן גָאט:

## קאפיטעל ג

1 וָואס הָאט דֶען דֶער יְהוּדִי מֶעהְר?
אָדֶער וָואס אִיז דֶער נוּצֶען פוּן דֶער
בֶּעשְׁנֵיידוּנְג?
2 פִיעל, אוֹיף אַלֶערְלֵייא אַרְט, עֶר־
שְׁטֶענְס, ווייל צוּ זֵייא אִיז אָנְפֶּערְ־
טְרוֹיעֶט דִיא רֵייד פוּן גָאט:
3 וָוארִין וָואס אִיז דֶען, וֶוען עֶטְלִיכֶע
הָאבֶּען נִיט גֶעגְלֵייבְּט? זָאל זֵייעֶרֶע אוּנְ־
גְלֵייבִּיגְקֵייט צוּ נִישְׁט מַאכֶען דֶעם
גְלוֹיבֶּען פוּן גָאט?
4 חָלִילָה, נֵייעֶרְט לָאז גָאט וָואהְר
בְּלֵייבֶּען, אוּנְד אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ אֵיין
לִיגְנֶער; אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען
אַז דוּא זָאלְסְט גֶערֶעכְט זֵיין אִין דֵיינֶע
רֵייד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט בֵּייקוּמֶען וֶוען
דוּא וֶוערְסְט גֶערִיכְטֶעט:
5 אָבֶּער וֶוען אוּנְזֶערֶע אוּנְגֶערֶעכְ־
טִיגְקֵייט בֶּעשְׁטֶעטִיגְט דִיא גֶערֶעכְטִיג־
קֵייט פוּן גָאט, וָואס זָאלֶען מִיר זָאגֶען?
אִיז גָאט אוּנְגֶערֶעכְט, ווייל עֶר בְּרֶענְגְט
אִיבֶּער אוּנְס זַיין גְרִימְצָארְן? (אִיךְ רֶעד
וִויא אֵיין מֶענְשׁ):
6 חָלִילָה, זוּנְסְט וִויא אַזוֹי וֶועט גָאט
דִיא וֶועלְט רִיכְטֶען:
7 וָוארִין וֶוען דִיא וָואהְרְהֵייט פוּן גָאט
הָאט זִיךְ גֶעמֶעהְרְט דוּרְךְ מַיין לִיגֶען
צוּ זַיין כָּבוֹד וָוארוּם זָאל אִיךְ דֶען נָאךְ
גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען וִויא אֵיין זִינְדֶער?
8 אוּנְד נִיט בֶּעסֶער, (אַזוֹי וִויא מִיר
וֶוערֶען גֶעלֶעסְטֶערְט, אוּנְד פוּן עֶטְלִיכֶע
בֶּעשׁוּלְדִיגְט אַז מִיר זָאגֶען,) (לָאזֶען מִיר)
בֵּייז טְהוּן כְּדֵי גוּטֶעס זָאל אַרוֹיס קוּמֶען;
וֶועלְכֶער פֶערְדַאמְנִיס אִיז גַאנְץ רֶעכְט:
9 וָואס דֶען? זֶענֶען מִיר בֶּעסֶער וִויא
זֵייא? גָאר נִיט. וָוארִין מִיר הָאבֶּען
פְרִיעֶר בֶּעוִויזֶען אַז יוּדֶען אוּנְד גוֹיִם
זֶענֶען אַלֶע אוּנְטֶער זִינְדֶע:
10 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען,
עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט גֶערֶעכְט, גַיין
נִיט אֵיינֶער:
11 דָא אִיז נִיט אֵיינֶער וָואס אִיז
פֶערשְׁטֶענְדִיג, דָא אִיז נִיט אֵיינֶער וָואס
פָארְשְׁט נָאךְ גָאט:
12 זֵייא זֶענֶען אַלֶע אָפְּגֶעקֶעהְרְט, זֵייא
זֶענֶען צוּזַאמֶען אוּנְנִיטְצִיג גֶעוָוארֶען, עֶס
טְהוּט קֵיינֶער נִיט קֵיין גוּטֶעס, גַיין
נִיט אֵיין אֵיינְצִיגֶער:
13 זֵייעֶר הַאלְז אִיז אֵיינֶע אָפֶּענֶע
גְרוּבּ, זֵייא שְׁמֵייכְלֶען מִיט דֶער צוּנְג,
גִיפְט פוּן אַ שְׁלַאנְג אִיז אוּנְטֶער זֵייעֶרֶע
לִיפֶּען:
14 זֵייעֶר מוֹיל אִיז פוּל מִיט פְלוּכוּנְג
אוּנְד בִּיטֶערְקֵייט:
15 זֵייעֶרֶע פִיס זֶענֶען אֵיילֶענְדִיג בְּלוּט
צוּ פֶערְגִיסֶען:
16 רוּיבּ אוּנְד פֶערְוִויסְטוּנְג אִיז אִין
זֵייעֶרֶע שְׁטֶעגֶען:
17 אוּנְד דֶעם וֶועג פוּן פְרִידֶען הָאבֶּען
זֵייא נִיט גֶעווּסְט:
18 דִיא פָארְכְט פוּן גָאט אִיז נִיט פָאר
זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען:
19 אוּנְד מִיר וִויסֶען אַז וָואס דִיא
תּוֹרָה זָאגְט, דָאס זָאגְט זִיא צוּ דִיא
וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ; אַז
אִיטְלִיכֶעס מוֹיל זָאל פֶערשְׁטָאפְּט וֶוערֶען,


אונד

אוּנְד דיא גאַנְצֶע װעלְט זָאל פֶערר־
שׁוּלְדִיגְט זֵיין פַאר גָאט׃
20 דָארוּם קֶען קֵיין מֶענְשׁ נִיט גֶע־
רֶעכְטפֶערְטִיגְט זֵיין פַאר אִיהְם דוּרְךְ
דִיא װֶערְקֶע פוּן דֶער תּוֹרָה. װָארִין
דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה דֶערקֶענְט מֶען דִיא
זִינְד׃
21 אָבֶּער אַצוּנְד אִיז דִיא גֶערֶעכְטִיג־
קֵייט פוּן גָאט אָהְן דֶעם גֶעזֶעץ עֶנְט־
פְּלֶעקְט, אוּנְד אִיז בֶּעװיזֶען דוּרְךְ דֶער
תּוֹרָה אוּנְד דִיא נְבִיאִים׃
22 דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט װָאס
אִיז דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען. פוּן יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ צוּ אַלֶע אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע װָאס
גְלוֹיבֶּען. װָארִין עֶס אִיז קֵיין אוּנְטֶער־
שֵׁייד נִיט׃
23 װָארִין אַלֶע הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד
זֶענֶען גֶעמִינְגֶערְט אִין דֶער הֶערְלִיכְקֵייט
פוּן גָאט׃
24 אוּנְד װֶערֶען אוּמְזוּנְסט גֶערֶעכְט־
פֶערְטִיגְט דוּרְךְ זֵיינֶע גְנָאד דוּרְךְ דִיא
דֶערלֵייזוּנְג װָאס אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ׃
25 װֶעלְכֶען גָאט הָאט פָארְגֶעשְׁטֶעלְט
פַאר אֵיינֶע כַּפָּרָה דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען
אִין זֵיין בְּלוּט, צוּ בֶּעװייזֶען זֵיינֶע גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט אִין דֶער פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן
פֶערגַאנְגֶענֶע זִינְדֶען, דוּרְךְ דֶער לַאנְג־
מִיטִיגְקֵייט פוּן גָאט׃
26 כְּדֵי צוּ בֶּעװייזֶען צוּ דִיזֶער צֵייט
זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אַז עֶר זָאל זֵיין
גֶערֶעכְט אוּנְד דֶער רֶעכְטפֶערְטִיגֶער פוּן
דֶעם װָאס גְלוֹיבְּט אִין יֵשׁוּעַ׃
27 װִיא בְּלֵייבְּט דֶען דָאס רִיהְמֶען?
עֶס אִיז אוֹיסְגֶעשְׁלָאסֶען, דוּרְךְ װֶעלְכֶען
גֶעזֶעץ? פוּן מַעֲשִׂים? נֵיין! נֵייעֶרְט
דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ פוּן גְלוֹיבֶּען׃
28 דָארוּם דֶענְקֶען מִיר דָאס אֵיין מַאן
װֶערְט גֶערֶעכְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען,
אָהְן דִיא מַעֲשִׂים פוּן דֶעם גֶעזֶעץ׃
29 אִיז עֶר דֶען דֶער גָאט פוּן דִיא יוּדֶען
אַלֵיין? אִיז עֶר נִיט אוֹיךְ דֶער גָאט פוּן
דִיא גוֹיִם? יוֹא, פוּן דִיא גוֹיִם אוֹיךְ׃
30 זִינְטמָאל עֶס אִיז אֵיין גָאט, װָאס
װֶעט רֶעכְטפֶערְטִיגֶען דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג
בֵּייא דֶעם גְלוֹיבֶּען, אוּנְד דִיא אוּנְבֶּע־
שְׁנֵיידוּנְג דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען׃
31 טְהוּן מִיר דֶען דָאס גֶעזֶעץ צֶערְ־
שְׁטֶערֶען דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען? חָלִילָה.
נֵייעֶרְט מִיר בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען דָאס גֶעזֶעץ׃

## קאפּיטעל ד

1 װָאס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען אַז
אַבְרָהָם אוּנְזֶער פָאטֶער, נָאךְ דֶעם
פְלֵייש הָאט גֶעפוּנֶען?
2 װָארִין װֶען אַבְרָהָם װַאר גֶערֶעכְט־
פֶערְטִיגְט דוּרְךְ װֶערְקֶע, אַזוֹי הָאט עֶר
זִיךְ מִיט װָאס צוּ רִיהְמֶען, אָבֶּער נִיט
פַאר גָאט׃
3 װָארִין װָאס זָאגְט דִיא שְׁרִיפְט?
אַבְרָהָם הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אַן גָאט, אוּנְד
עֶס װַאר צוּ אִיהְם צוּגֶערֶעכֶנֶעט פַאר
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃
4 אָבֶּער צוּ דֶעם װָאס טְהוּט װֶערְקֶען
אִיז דֶער לוֹין נִיט גֶערֶעכֶנֶעט פַאר אֵיין
גְנָאד, נֵייעֶרְט פַאר אֵיין שׁוּלְד׃
5 אָבֶּער צוּ דֶעם װָאס װֶערְקְט נִיט,
נֵייעֶרְט עֶר גְלֵייבְּט אַן אִיהְם װָאס רֶעכְט־
פֶערְטִיגְט דֶעם רָשָׁע, זֵיין גְלוֹיבֶּען װֶערְט
גֶערֶעכֶנֶעט אַלְס גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃
6 אַזוֹי װִיא דָוִד זָאגְט אוֹיךְ פוּן דֶער
זֶעלִיגְקֵייט פוּן דֶעם מֶענְשׁ צוּ װֶעלְכֶען
גָאט רֶעכֶנֶעט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אָהְן
מַעֲשִׂים׃
7 װָאוֹיל דִיא װָאס זֵיירֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיג־
קֵייטֶען זֶענֶען זֵייא פֶערְגֶעבֶּען, אוּנְד

זֵייעְרֶע זִינְדֶען זֶענֶען צוּגֶעדֶעקְט :
8 וָואוֹיל דֶעם מֶענְשׁ צוּ וֶועלְכֶען גָאט
רֶעכֶענְט נִיט קֵיין זִינְד :
9 אִיז דֶען דִיזֶע זֶעלִיגְקֵייט נָאר
אִיבֶּער דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג, אָדֶער אוֹיךְ
אִיבֶּער דֶער אוּמְבֶּעשְׁנֵיידוּנְג ? וָוארִין
מִיר זָאגֶען אַז דֶער גְלוֹיבֶּען וַואר גֶע־
רֶעכֶענְט צוּ אַבְרָהָם פַאר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט :
10 וִויא וַואר עֶס דֶען צוּ אִיהְם גֶע־
רֶעכֶענְט ? וֶוען עֶר וַואר אִין דֶער
בֶּעשְׁנֵיידוּנְג אָדֶער אִין דֶער אוּמְבֶּע־
שְׁנֵיידוּנְג ? נִיט אִין דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג,
נֵייעֶרְט אִין אוּמְבֶּעשְׁנֵיידוּנְג :
11 אוּנְד עֶר הָאט דֶערְהַאלְטֶען דָאס
צֵייכֶען פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג, פַאר אַיין
זִיגֶעל צוּ דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם
גְלוֹיבֶּען וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט וֶוען עֶר
וַואר נָאךְ אוּמְבֶּעשְׁנִיטֶען. אַז עֶר זָאל
זַיין דֶער פָאטֶער פוּן אַלֶע וָואס גְלוֹיבֶּען
חָאטְשֶׁע זַייא זֶענֶען אוּמְבֶּעשְׁנִיטֶען, כְּדֵי
דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט זָאל צוּ זַייא אוֹיךְ
גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען :
12 אוּנְד דֶער פָאטֶער פוּן דֶער בֶּע־
שְׁנֵיידוּנְג נִיט אַלֵיין צוּ דִיא וָואס זֶענֶען
פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג, נֵייעֶרְט אוֹיךְ צוּ
דִיא וָואס גֵייעֶן אִין דֶעם טְרִיט פוּן דֶעם
גְלוֹיבֶּען פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם,
וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט וֶוען עֶר וַואר
אוּמְבֶּעשְׁנִיטֶען :
13 וָוארִין דִיא הַבְטָחָה צוּ אַבְרָהָם
אָדֶער צוּ זַיין זָאמֶען, אַז עֶר זָאל זַיין
אַיין יוֹרֵשׁ פוּן דֶער וֶועלְט, וַואר נִיט
דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ, נֵייעֶרְט דוּרְךְ דֶער
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען :
14 וָוארִין וֶוען דִיא וָואס זֶענֶען פוּן
דֶעם גֶעזֶעץ זֶענֶען יוֹרְשִׁים, אַזוֹי אִיז
דֶער גְלוֹיבֶּען צוּ נִישְׁט גֶעמַאכְט אוּנְד
דִיא הַבְטָחָה אִיז בָּטֵל :
15 וָוארִין דָאס גֶעזֶעץ ווִירְקְט צָארְן,
וָוארִין אַווּאוּ עֶס אִיז נִיט קֵיין גֶעזֶעץ,
דָא אִיז אוֹיךְ נִיט קֵיינֶע זִינְד :
16 דָארוּם אִיז עֶס דוּרךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען,
כְּדֵי עֶס זָאל זַיין דוּרְךְ גְנָאד, אַז דִיא
הַבְטָחָה זָאל זַיין פֶעסְט צוּם גַאנְצֶען
זָאמֶען, נִיט צוּ דֶעם אַלֵיין וָואס אִיז פוּן
דֶעם גֶעזֶעץ, נֵייעֶרְט אוֹיךְ צוּ דֶעם וָואס
אִיז פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן אַבְרָהָם, וָואס
אִיז דֶער פָאטֶער פוּן אוּנְס אַלֶע :
17 (אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען,
אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעמַאכְט פַאר אַיין
פָאטֶער צוּ פִילֶע פֶעלְקֶער), פַאר גָאט,
אָן וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט, וָואס
מַאכְט לֶעבֶּעדִיג דִיא טוֹיטֶע אוּנְד רוּפְט
דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען נִיט דָא אַלְס
גְלֵייךְ זַייא הֶעטֶען גֶעוֶועזֶען :
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אִין דֶער
הָאפְנוּנְג אָן דֶעם וָואס וַואר קֶעגֶען דֶער
הָאפְנוּנְג, כְּדֵי עֶר זָאל זַיין דֶער פָאטֶער
פוּן פִילֶע פֶעלְקֶער, אַזוֹי וִויא עֶס וַואר
גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאל דֵיין זָאמֶען זַיין :
19 אוּנְד ווייל עֶר וַואר נִיט שְׁוַואךְ
אִים גְלוֹיבֶּען, הָאט עֶר נִיט אָנְגֶעזֶעהֶען
זַיין אֵייגֶענֶעם לֵייבּ וָואס וַואר שוֹין אַזוֹי
גוּט וִויא טוֹיט, וֶוען עֶר וַואר קֶעגֶען
הוּנְדֶערְט יָאהְר אַלְט, אוּנְד אוֹיךְ נִיט
דֶעם טוֹיטֶען לֵייבּ פוּן שָׂרָה :
20 אוּנְד הָאט נִיט גֶעצְוֶויפֶעלְט אָן
דֶער הַבְטָחָה פוּן גָאט דוּרךְ אוּמְגְלוֹי־
בִּיגְקֵייט, נֵייעֶרְט עֶר וַואר שְׁטַארְק אִים
גְלוֹיבֶּען, אוּנְד הָאט גֶעגֶעבֶּען כָּבוֹד צוּ
גָאט :
21 אוּנְד עֶר וַואר פַארְזִיכֶערְט, אַז וָואס
עֶר הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכֶען דָאס קֶען עֶר
אוֹיךְ טְהוּן :

22 דָארוּם וַואר עֶס אִיהְם צוּגֶערֶעכֶענְט
פַאר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט ׃
23 דָאס אִיז אָבֶּער נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען פוּן
זַיינֶעט וֶועגֶען אַלֵיין, אַז עֶס וַואר אִיהְם
צוּגֶערֶעכֶענְט ׃
24 נֵייעֶרְט פוּן אוּנְזֶערְט וֶועגֶען אוֹיךְ,
צוּ וֶועמֶען עֶס וֶועט גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען
וֶוען מִיר גְלוֹיבֶּען אָן אִיהְם וָואס הָאט
אוֹיפְגֶעוֶועקְט אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ פוּן
דֶעם טוֹיט ׃
25 וָואס וַואר אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט וֶועגֶען
אוּנְזֶערֶע זִינְדֶען, אוּנְד אוֹיפְגֶעוֶועקְט
וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְקֵייט ׃

## קאפיטעל ה

1 דָארוּם וֶוען מִיר זֶענֶען גֶערֶעכְט־
פֶערְטִיגְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען, אַזוֹי
הָאבֶּען מִיר פְרִידֶען מִיט גָאט דוּרְךְ
אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ ׃
2 דוּרְךְ וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ
אַיין צוּטְרִיט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען צוּ
דִיזֶער גְנָאד אִין וֶועלְכֶער מִיר שְׁטֵייעֶן,
אוּנְד מִיר רִיהְמֶען אוּנְס מִיט דֶער
הָאפְנוּנְג פוּן דֶער הֶערלִיכְקֵייט פוּן גָאט ׃
3 אוּנְד נִיט אַלֵיין דָאס, נֵייעֶרְט מִיר
רִיהְמֶען אוּנְס אוֹיךְ אִין לֵיידֶען. וָוארִין
מִיר וִויסֶען אַז לֵיידֶען ווירְקְט גֶעדוּלְד ׃
4 אוּנְד גֶעדוּלְד פְּרִיפוּנְג, אוּנְד פְּרִיפוּנְג
הָאפְנוּנְג ׃
5 אוּנְד דִיא הָאפְנוּנְג בְּרֶענְגְט נִיט
צוּ שַׁאנְד, וָוארִין דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן
גָאט אִיז אוֹיסְגֶעגָאסֶען אִין אוּנְזֶערֶע
הֶערְצֶער דוּרְךְ דֶעם הֵיילִיגֶען גֵייסְט
וָואס אִיז אוּנְס גֶעגֶעבֶּען ׃
6 וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען נָאךְ שְׁוַואךְ
גֶעוֶועזֶען אַזוֹי אִיז מָשִׁיחַ צוּ דֶער
רֶעכְטֶער צֵייט גֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר דִיא
רְשָׁעִים ׃
7 וָוארִין אַיין מֶענְשׁ וֶועט קוֹיים
שְׁטַארְבֶּען פַאר אַיין גֶערֶעכְטֶען. אוּנְד
פִילֵייכְט וֶועט זִיךְ יוֹא אַיינֶער אוּנְטֶערְ־
גֶעמֶען צוּ שְׁטַארְבֶּען פַאר אַיין גוּטֶען
מֶענְשׁ ׃
8 אָבֶּער גָאט הָאט זַיינֶע לִיבְּשַׁאפְט
קֶעגֶען אוּנְס אַזוֹי בֶּעווִייזֶען, דָאס וֶוען
מִיר זֶענֶען נָאךְ גֶעוֶועזֶען זִינְדֶער אַזוֹי
אִיז מָשִׁיחַ פַאר אוּנְס גֶעשְׁטָארְבֶּען ׃
9 פִיל מֶעהְר וֶועלֶען מִיר דוּרְךְ אִיהְם
גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען פוּן דֶעם צָארְן, ווייל
מִיר זֶענֶען יֶעצְט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט דוּרְךְ
זַיין בְּלוּט ׃
10 וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען בֶּעווִילִיגְט
גֶעוָוארֶען צוּ גָאט דוּרְךְ דֶעם טוֹיט פוּן
זַיין זוּהְן וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זַיינֶע
פֵיינְד, מִכָּל שֶׁכֵּן וֶוען מִיר זֶענֶען בֶּע־
ווילִיגְט וֶועלֶען מִיר גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען
דוּרְךְ זַיין לֶעבֶּען ׃
11 אוּנְד נִיט דָאס אַלֵיין, נֵייעֶרְט מִיר
רִיהְמֶען אוּנְס אוֹיךְ אִין גָאט דוּרְךְ יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ, דוּרְךְ וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען
אַצוּנְד עֶנְטְפַאנְגֶען דִיא כַּפָּרָה ׃
12 דָארוּם, אַזוֹי וִויא דִיא זִינְד אִיז
גֶעקוּמֶען אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיין דוּרְךְ
אַיין מֶענְשׁ, אוּנְד דֶער טוֹיט דוּרְךְ דִיא
זִינְד, אוּנְד אַזוֹי אִיז דֶער טוֹיט אִיבֶּער
אַלֶע מֶענְשֶׁען גֶעקוּמֶען, ווייל אַלֶע
הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט ׃
13 וָוארִין דִיא זִינְד אִיז אִין דֶער וֶועלְט
גֶעוֶועזֶען בִּיז צוּם גֶעזֶעץ, אָבֶּער ווָאוּ
קֵיין גֶעזֶעץ אִיז נִיט פַארְהַאנְדֶען, דָא
וֶוערְט דִיא זִינְד נִיט גֶערֶעכֶענְט ׃
14 אוּנְד דֶער טוֹיט הָאט גֶעהֶערְשְׁט
פוּן אָדָם בִּיז מֹשֶׁה, אוֹיךְ אִיבֶּער דִיא
וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעזִינְדִיגְט, אִין דֶער
גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶער זִינְד פוּן אָדָם, וָואס

אִיז אֵיין בִּילְד פוּן דֶעם וָואס הָאט גֶע־
זָאלְט קוּמֶען :
15 אָבֶּער עֶס אִיז נִיט אַזוֹי מִיט דֶער
גָאבּ וִויא מִיט דֶער זִינְד, וָוארִין וֶוען
פִּילֶע זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען דוּרְךְ דִיא זִינְד
פוּן אֵיינֶעם, פִּיל מֶעהְר הָאט דִיא גְנָאד
פוּן גָאט אוּנְד דִיא גָאבּ דוּרְךְ דֶער
גְנָאד וָואס אִיז בֶּייא דֶעם אֵיינֶען מֶענְשׁ,
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, זִיךְ גֶעמֶערְט קֶעגֶען
פִּילֶע :
16 אוּנְד דִיא גָאבּ אִיז נִיט אַזוֹי וִויא
עֶס וַואר דוּרְךְ אֵיינֶעם וָואס הָאט גֶע־
זִינְדִיגְט. וָוארִין דָאס מִשְׁפָּט וַואר דוּרְךְ
אֵיינֶעם צוּר פֶערְשׁוּלְדִיגוּנְג, אָבֶּער דִיא
גָאבּ אִיז צוּר רֶעכְטְפֶערְטִיגוּנְג פוּן פִּילֶע
זִינְדֶען :
17 וָוארִין, וֶוען דֶער טוֹיט הָאט גֶע־
הֶערְשְׁט דוּרְךְ אֵיין מֶענְשׁ וֶועגֶען דֶער
זִינְד פוּן אֵיינֶעם, מִכָּל שֶׁכֵּן דִיא וָואס
עֶנְטְפַאנְגֶען פִיל גְנָאד אוּנְד דִיא גָאבּ
פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, וֶועלֶען הֶערְשֶׁען
אִים לֶעבֶּען דוּרְךְ דֶעם אֵיינֶעם יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ :
18 דָארוּם, אַזוֹי וִויא דוּרְךְ דִיא זִינְד
פוּן אֵיינֶעם אִיז דִיא פֶערְשׁוּלְדִיגוּנְג גֶע־
קוּמֶען אִיבֶּער אַלֶע מֶענְשֶׁען, אַזוֹי אוֹיךְ
דוּרְךְ דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן אֵיינֶעם
קוּמְט דִיא רֶעכְטְפֶערְטִיגוּנְג פוּן לֶעבֶּען
אִיבֶּער אַלֶע מֶענְשֶׁען :
19 וָוארִין אַזוֹי וִויא פִּילֶע זֶענֶען זִינְדֶער
גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶער וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגְקֵייט
פוּן אֵיין מֶענְשׁ, אַזוֹי אוֹיךְ דוּרְךְ דֶעם
גֶעהָארְזַאם פוּן אֵיינֶעם וֶועלֶען פִּילֶע
גֶערֶעכְט וֶוערֶען :
20 אוּנְד דָאס גֶעזֶעץ אִיז גֶעקוּמֶען כְּדֵי
דִיא זִינְד זָאל גֶעמֶעהְרְט וֶוערֶען, אָבֶּער
אַוְואוּ דִיא זִינְד הָאט זִיךְ גֶעמֶעהְרְט,
דָארְט הָאט זִיךְ דִיא גְנָאד נָאךְ שְׁטַארְ־
קֶער גֶעמֶעהְרְט :
21 אַז גְלֵייךְ וִויא דִיא זִינְד הָאט גֶע־
הֶערְשְׁט בִּיז צוּם טוֹיט, אַזוֹי זָאל אוֹיךְ
דִיא גְנָאד הֶערְשֶׁען דוּרְךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
צוּם אֵייבִּיגֶען לֶעבֶּען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ
אוּנְזֶער הַאר :

## קאפּיטעל ו

1 וָואס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען ? זָאלֶען
מִיר וֵוייטֶער בְּלֵייבֶּען אִין זִינְד, דָאס דִיא
גְנָאד זָאל זִיךְ מֶעהְרֶען ?
2 חָלִילָה. מִיר וָואס זֶענֶען טוֹיט צוּ
דֶער זִינְד, וִויא אַזוֹי זָאלֶען מִיר נָאךְ
לֶענְגֶער דְרִינֶען לֶעבֶּען ?
3 וֵוייסְט אִיהְר דֶען נִיט אַז מִיר אַלֶע
וָואס זֶענֶען גֶעטוֹיפְט גֶעוָוארֶען צוּ יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ, זֶענֶען גֶעטוֹיפְט גֶעוָוארֶען צוּ
זֵיין טוֹיט ?
4 דָארוּם זֶענֶען מִיר מִיט אִיהְם בֶּע־
גְרָאבֶּען דוּרְךְ דֶער טוֹיפֶע צוּם טוֹיט,
אַז גְלֵייךְ וִויא מָשִׁיחַ וַואר אוֹיפְגֶעוֶועקְט
פוּן טוֹיט דוּרְךְ דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן
דֶעם פָאטֶער, אַזוֹי זָאלֶען מִיר אוֹיךְ
וַואנְדְלֶען אִין אֵיין נֵייעֶם לֶעבֶּען :
5 וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען צוּזַאמֶען
גֶעפְלַאנְצְט גֶעוָוארֶען אִין דֶער גֶעשְׁטַאלְט
פוּן זֵיין טוֹיט, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אוֹיךְ
זֵיין אִין דֶער גֶעשְׁטַאלְט פוּן זֵיין אוֹיפְ־
שְׁטַאנְד :
6 אוּנְד דָאס וִויסֶען מִיר אַז אוּנְזֶער
אַלְטֶער מֶענְשׁ אִיז מִיט אִיהְם גֶעקְרֵייי־
צִיגְט, אַז דֶער לֵייבּ פוּן זִינְד זָאל צֶער־
שְׁטֶערְט וֶוערֶען, אַז מִיר זָאלֶען נִיט
מֶעהְר דִינֶען צוּ זִינְד :
7 וָוארִין דֶער וָואס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
דֶער אִיז גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט פוּן זִינְד :
8 אוּנְד וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען

מִיט מָשִׁיחַ אַזוֹי גְלוֹיבֶּען מִיר אַז מִיר וָועלֶען אוֹיךְ לֶעבֶּען מִיט אִיהְם׃

9 וָוארִין מִיר וַויסֶען אַז מָשִׁיחַ וָואס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן טוֹיט שְׁטַארְבְּט נִיט מֶעהְר. דֶער טוֹיט הֶערְשְׁט נִיט מֶעהְר אִיבֶּער אִיהְם׃

10 וָוארִין אִין דֶעם וָואס עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אִיז עֶר אֵיינְמָאל גֶעשְׁטָארְבֶּען צוּ דֶער זִינְד, אָבֶּער וָואס עֶר לֶעבְּט דָאס לֶעבְּט עֶר צוּ גָאט׃

11 אַזוֹי רֶעכֶענְט אִיהְר אֵייךְ אוֹיךְ אַז אִיהְר זֶענְט טוֹיט צוּ דֶער זִינְד, אָבֶּער לֶעבֶּעדִיג צוּ גָאט אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶער הַאר׃

12 דָארִים לָאז נִיט דִיא זִינְד הֶערְשֶׁען אִין אֵייעֶר שְׁטֶערְבְּלִיכֶען לֵייבּ, אַז אִיהְר זָאלְט אִיהְר גֶעהָארְכֶען אִין זֵיינֶע גְלוּסְטִינְקֵייטֶען׃

13 אוּנְד גִיבְּט נִיט אֵיירֶע גְלִידֶער צוּ דֶער זִינְד פַאר אֵיין וַואפֶען פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ גָאט׃

14 וָוארִין דִיא זִינְד וֶועט אִיבֶּער אֵייךְ נִיט גֶעוֶועלְטִיגֶען; וָוארִין אִיהְר זֵייט נִיט אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ, נֵייעֶרְט אוּנְטֶער דֶער גְנָאד׃

15 וָואס דֶען? זָאלֶען מִיר זִינְדִיגֶען וַוייל מִיר זֶענֶען נִיט אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ, נֵייעֶרְט אוּנְטֶער דֶער גְנָאד? חָלִילָה׃

16 וַוייסְט אִיהְר דֶען נִיט אַז צוּ וֶועמֶען אִיהְר גִיבְּט אֵייךְ פַאר קְנֶעכְט צוּ גֶעהָארְכֶען, אַזוֹי זֶענְט אִיהְר דִיא קְנֶעכְט פוּן דִיא צוּ וֶועמֶען אִיהְר גֶעהָארְכְט, עֶנְטְוֶועדֶער פוּן דֶער זִינְד צוּם טוֹיט, אָדֶער פוּן גֶעהָארְזַאם צוּר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃

17 אָבֶּער גָאט זַייא גֶעלוֹיבְּט, דָאס אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען דִיא קְנֶעכְט פוּן זִינְד, אָבֶּער אִיהְר הָאט גֶעהָארְכְט פוּן הַארְצֶען צוּ דֶער גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶער לֶעהְרֶע צוּ וֶועלְכֶער אִיהְר זֶענְט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען׃

18 אוּנְד וִויא אִיהְר זֵייט פְרֵייא גֶעוָוארֶען פוּן זִינְד אַזוֹי זֵייט אִיהְר גֶעוָוארֶען קְנֶעכְט צוּ דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃

19 אִיךְ רֶעד וִויא אֵיין מֶענְשׁ, וֶועגֶען דֶער שְׁוַואכְהֵייט פוּן אֵייעֶר פְלֵיישׁ; וָוארִין אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אֵיירֶע גְלִידֶער פַאר קְנֶעכְט צוּ דֶער אוּמְרֵיינִיגְקֵייט אוּנְד פוּן אֵיינֶער אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּר אַנְדֶערְן, אַזוֹי אִיבֶּערְגִיבְּט יֶעצְט אֵיירֶע גְלִידֶער אַלְס קְנֶעכְט דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, צוּר הֵיילִיגְקֵייט׃

20 וָוארִין וֶוען אִיהְר זֵייט גֶעוֶועזֶען קְנֶעכְט פוּן דֶער זִינְדֶע, אַזוֹי זֵייט אִיהְר פְרֵייא גֶעוֶועזֶען פוּן דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃

21 וָואס פַאר פְרוּכְט הָאט אִיהְר דֶענְצְמָאלְט גֶעהַאט אִין דִיא זַאכֶען מִיט וֶועלְכֶע אִיהְר שֶׁעמְט אֵייךְ יֶעצְט? וָוארִין דֶער סוֹף פוּן דִיזֶע זַאכֶען אִיז דֶער טוֹיט׃

22 אָבֶּער יֶעצְט וֶוען אִיהְר זֵייט פְרֵייא פוּן דֶער זִינְד אוּנְד זֵייט גֶעוָוארֶען דִיא קְנֶעכְט פוּן גָאט, הָאט אִיהְר אֵיירֶע פְרוּכְט צוּר הֵיילִיגְקֵייט, אוּנְד דֶער סוֹף אִיז דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען׃

23 וָוארִין דֶער שְׂכַר פוּן זִינְד אִיז דֶער טוֹיט, אָבֶּער דִיא גָאבּ פוּן גָאט אִיז דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען אִין אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃

## קאפיטעל ז

1 וַוייסְט אִיהְר דֶען נִיט, בְּרִידֶער, (וָוארִין אִיךְ רֶעד מִיט דִיא וָואס קֶענֶען דָאס גֶעזֶעץ) אַז דָאס גֶעזֶעץ הֶערְשְׁט

איבּער דעם מענש אַזוי לאַנג ווִיא ער
לעבּט:
2 וָוארין דיא פרויא וָואס האָט איין
מַאן איז בּייא דעם געזעץ געבּונדען צום
מַאן ווייל ער לעבּט; אָבּער ווען דער
מַאן שטאַרבּט, אַזוי איז זיא פרייא פון
דעם געזעץ פון איהר מַאן:
3 דאָרום ווען זיא איז פערהייראַטעט
צוּ איין אַנדערען ווייל איהר מַאן לעבּט
נאָך, ווערט זיא גערופען איינע אומ־
קיישערין. אָבּער ווען דער מַאן
שטאַרבּט, איז זיא פרייא פון דעם
געזעץ, אונד זיא איז קיינע אומקיי־
שערין ווען זיא איז פערהייראַטעט צוּ
איין אַנדערן מַאן:
4 דאָרום, מיינע בּרידער, זייט איהר
אויך טויט געוואָרען צום געזעץ דורך
דעם לייבּ פון מָשִׁיחַ, אַז איהר זאָלט
אַנגעהערען צוּ איין אַנדערען, צוּ דעם
וָואס וואַר אויפגעוועקט פון דעם טויט,
אַז מיר זאָלען בּרענגען פרוכט צוּ גאָט:
5 וָוארין ווען מיר זענען געוועזען
אין דעם פליישׁ, אַזוי האָבּען דיא
גלוסטיגקייטען פון דיא זינדען וָואס
וואַרען דורך דעם געזעץ געווירקט אין
אונזערע גלידער, אַז מיר זאָלען בּרענ־
גען פרוכט צום טויט:
6 אָבּער יעצט זענען מיר פרייא פון
דעם געזעץ, ווייל דאס איז טויט אין
וועלכען מיר וואַרען פעסט געהאַלטען.
אַז מיר זאָלען דינען אין איין נייעם
גייסט, אונד ניט אין דעם אַלטען בּוכ־
שטאַבּ:
7 וָואס זאָלען מיר דען זאָגען, איז
דאס געזעץ זינדע? חָלִילָה. אָבּער
איך העט ניט דערקענט דיא זינד חוץ
דורך דעם געזעץ. וָוארין איך העט
ניט געקענט קיין גלוסטיגקייט, ווען
דאס געזעץ העט ניט געזאָגט, דוא
זאָלסט ניט גלוסטען:
8 וָוארין דיא זינד האָט זיך געלעגע־
גענהייט גענומען דורך דעם געבּאָט,
אונד האָט אין מיר געווירקט אַלערלייא
גלוסט; וָוארין אָהן דעם געזעץ וואַר
דיא זינד טויט:
9 אונד איך האָבּ פריער געלעבּט אָהן
דעם געזעץ. אָבּער ווען דאס געבּאָט
איז געקומען, איז דיא זינד ווידער לע־
בּעדיג געוואָרען, אונד איך בּין גע־
שטאָרבּען:
10 אונד עס וואַר געפונדען אַז דאס
געבּאָט וָואס וואַר געגעבּען צום לעבּען,
איז מיר געוואָרען צום טויט:
11 וָוארין דיא זינד האָט זיך געלעגע־
גענהייט גענומען דורך דעם געבּאָט,
אונד האָט מיך פערפירט, אונד האָט
מיך דאָדורך אומגעבּראַכט:
12 דרום איז דאס געזעץ היילִיג, אונד
דאס געבּאָט איז היילִיג אונד גערעכט
אונד גוט:
13 איז דען דאס וָואס איז גוט צוּ מיר
איין טויט געוואָרען? חָלִילָה. נייערט
דיא זינד, כְּדֵי זיא זאָל ערשיינען זינד
צוּ זיין, האָט אין מיר געווירקט דעם
טויט דורך דעם גוטען, כְּדֵי דיא זינד
זאָל זעהר זינדיג ווערען דורך דעם
געזעץ:
14 וָוארין מיר ווייסען אַז דאס געזעץ
איז גייסטליך. אָבּער איך בּין פליישׁ־
ליך, פערקויפט אונטער דער זינד:
15 וָוארין דאס וָואס איך טהוא, טהוא
איך ניט בּעווילִיגען. וָוארין איך טהוא
ניט דאס וָואס איך וויל נייערט וָואס
איך האָבּ פיינד דאס טהוא איך:

16 אוּנְד וֶוען אִיךְ טְהוּא דָאס וָואס אִיךְ וִויל נִיט, אַזוֹי בִּין אִיךְ מוֹדֶה אַז דָאס גֶעזֶעץ אִיז גוּט:

17 אוּנְד יֶעצְט טְהוּא אִיךְ עֶס נִיט מֶעהְר, נֵייעֶרט דִיא זִינְד וָואס וְואוֹינְט אִין מִיר:

18 וָוארִין אִיךְ וֵויס אַז אִין מִיר, דָאס הֵייסְט אִין מֵיין פְלֵייש, וְואוֹינְט קֵיין גוּטֶעס נִיט; וָוארִין אִיךְ הָאבּ וְואוִיל דֶעם וִוילֶען, אָבֶּער צוּ טְהוּן דָאס גוּטֶע גֶעפִּין אִיךְ נִיט:

19 וָוארִין דָאס גוּטֶע וָואס אִיךְ וִויל טְהוּא אִיךְ נִיט, אָבֶּער דָאס בֵּייזֶע וָואס אִיךְ וִויל נִיט דָאס טְהוּא אִיךְ:

20 נוּן וֶוען אִיךְ טְהוּא דָאס וָואס אִיךְ וִויל נִיט, אַזוֹי טְהוּא אִיךְ עֶס נִיט מֶעהְר, נֵייעֶרט דִיא זִינְד וָואס וְואוֹינְט אִין מִיר:

21 דְרוּם גֶעפִּין אִיךְ אֵיין גֶעזֶעץ, דָאס וֶוען אִיךְ וִויל גוּטֶעס טְהוּן אַזוֹי אִיז בֵּייז נָאהְנְט בֵּייא מִיר:

22 וָוארִין אִיךְ הָאבּ פֶערגְנִיגֶען אִין גָאטֶעס גֶעזֶעץ נָאךְ דֶעם אִינֶערְן מֶענְשׁ:

23 אָבֶּער אִיךְ זֶעה אֵיין אַנְדֶער גֶעזֶעץ אִין מֵיינֶע גְלִידֶער וָואס שְׁטְרֵייט קֶעגֶען דֶעם גֶעזֶעץ פוּן מֵיין פֶערְשְׁטַאנְד, אוּנְד נֶעמְט מִיךְ גֶעפַאנְגֶען צוּם גֶעזֶעץ פוּן דֶער זִינְד וָואס אִיז אִין מֵיינֶע גְלִידֶער:

24 אִיךְ עֶלֶענְדֶער מֶענְשׁ! וֶוער וֶועט מִיךְ מַצִיל זֵיין פוּן דֶעם לֵייבּ פוּן דִיזֶען טוֹיט?

25 אִיךְ דַאנְק גָאט דוּרְךְ אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ! דְרוּם טְהוּא אִיךְ זֶעלְבְּסְט מִיט דֶעם גֶעמִיט דִינֶען דָאס גֶעזֶעץ פוּן גָאט, אָבֶּער מִיט דֶעם פְלֵייש דָאס גֶעזֶעץ פוּן דֶער זִינְד:

## קאפיטעל ח

1 דְרוּם אִיז יֶעטְצְט נִיט מֶעהְר קֵיין פֶערשׁוּלְדִיגוּנְג צוּ דִיא וָואס זֶענֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, צוּ דִיא וָואס וַואנְדֶעלְן נִיט נָאךְ דֶעם פְלֵייש, נֵייעֶרְט נָאךְ דֶעם גֵייסְט:

2 וָוארִין דָאס גֶעזֶעץ פוּן דֶעם גֵייסְט פוּן לֶעבֶּען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, הָאט מִיךְ פְרֵייא גֶעמַאכְט פוּן דֶעם גֶעזֶעץ פוּן דֶער זִינְד אוּנְד טוֹיט:

3 וָוארִין דָאס וָואס וַואר אוּנְמֶעגְלִיךְ צוּם גֶעזֶעץ, וֵוייל עֶס וַואר שְׁוַואךְ דוּרְךְ דֶעם פְלֵייש, הָאט גָאט גֶעשִׁיקְט זֵיין אֵייגֶענֶען זוּהְן אִין דֶער גֶעשְׁטַאלְט פוּן זִינְדִיגֶען פְלֵייש, אוּנְד הָאט פַאר זִינְד פֶערשׁוּלְדִיגְט דִיא זִינְד אִין דֶעם פְלֵייש:

4 אַז דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם גֶעזֶעץ זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען אִין אוּנְס וָואס גֵייעֶן נִיט נָאךְ דֶעם פְלֵייש נֵייעֶרְט נָאךְ דֶעם גֵייסְט:

5 וָוארִין דִיא וָואס זֶענֶען נָאךְ דֶעם פְלֵייש זָארְגֶען פַאר דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם פְלֵייש, אָבֶּער דִיא וָואס זֶענֶען נָאךְ דֶעם גֵייסְט, זָארְגֶען פַאר דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם גֵייסְט:

6 וָוארִין דָאס פֶערְלַאנְגֶען פוּן דֶעם פְלֵייש אִיז דֶער טוֹיט, אָבֶּער דָאס פֶערְלַאנְגֶען פוּן דֶעם גֵייסְט אִיז לֶעבֶּען אוּנְד פְרִידֶען:

7 וָוארִין דָאס פֶערְלַאנְגֶען פוּן דֶעם פְלֵייש אִיז פֵיינְדְשַׁאפְט קֶעגֶען גָאט, וֵוייל עֶס אִיז נִיט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּם גֶעזֶעץ פוּן גָאט, אוּנְד עֶס קֶען עֶס אוֹיךְ נִיט זֵיין:

8 וָוארִין דִיא וָואס זֶענֶען אִין דֶעם פְלֵייש קֶענֶען נִיט גָאט גֶעפַאלֶען:

9 אָבֶּער אִיהְר זֶענְט נִיט אִין דֶעם

פְלֵיישׁ, גֵייעֶרְט אִין דֶעם גֵייסְט, וֶוען
דֶער גֵייסְט פוּן גָאט וְואוֹינְט אִין אֵייךְ;
אוּנְד וֶוער עֶס הָאט נִיט דֶעם גֵייסְט
פוּן דֶעם מָשִׁיחַ דֶער אִיז נִיט זַיין׃
10 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז אִין
אֵייךְ, אַזוֹי אִיז דֶער לֵייב טוֹיט וֶועגֶען
דֶער זִינְד, אָבֶּער דֶער גֵייסְט אִיז לֶעבּ־
בֶּעדִיג וֶועגֶען דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃
11 אָבֶּער וֶוען דֶער גֵייסְט פוּן אִיהְם
וָואס הָאט מָשִׁיחַ אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן טוֹיט
וְואוֹינְט אִין אֵייךְ, דֶער וָואס הָאט
מָשִׁיחַ אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דֶעם טוֹיט וֶועט
אֵייעֶרֶע שְׁטֶערְבְּלִיכֶע לֵייבֶּער אוֹיךְ
לֶעבֶּעדִיג מַאכֶען דוּרְךְ זַיין גֵייסְט וָואס
וְואוֹינְט אִין אֵייךְ׃
12 דְרוּם, בְּרִידֶער, זֶענֶען מִיר שׁוּלְד־
נֶער, נִיט צוּם פְלֵיישׁ, אַז מִיר זָאלֶען
לֶעבֶּען נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ׃
13 וָוארִין וֶוען אִיהְר לֶעבְּט, נָאךְ דֶעם
פְלֵיישׁ, אַזוֹי וֶועט אִיהְר שְׁטַארְבֶּען,
אָבֶּער וֶוען אִיהְר טְהוּט דוּרְךְ דֶעם
גֵייסְט טֵייטֶען דִיא מַעֲשִׂים פוּן דֶעם
לֵייב וֶועט אִיהְר לֶעבֶּען׃
14 וָוארִין דִיא וָואס וֶוערֶען גֶעפִירְט
דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט פוּן גָאט, דִיזֶע זֶענֶען
דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט׃
15 וָוארִין אִיהְר הָאט נִיט עֶנְטְפַאנְגֶען
דֶעם גֵייסְט פוּן דִינְסְט, אַז אִיהְר זָאלְט
אֵייךְ וְוידֶער פָארכְטֶען, גֵייעֶרְט אִיהְר
הָאט עֶנְטְפַאנְגֶען דֶעם גֵייסְט פוּן
קִינְדֶער, דוּרְךְ וֶועלְכֶען מִיר שְׁרֵייעֶן,
אַבָּא, פָאטֶער׃
16 דֶער גֵייסְט אַלֵיין בֶּעצֵייגְט מִיט
אוּנְזֶער גֵייסְט אַז מִיר זֶענֶען דִיא
קִינְדֶער פוּן גָאט׃
17 אוּנְד וֶוען מִיר זֶענֶען קִינְדֶער, אַזוֹי
זֶענֶען מִיר אוֹיךְ יוֹרְשִׁים. יוֹרְשִׁים פוּן
גָאט אוּנְד יוֹרְשִׁים מִיט מָשִׁיחַ, וֶוען
מִיר טְהוּן לֵיידֶען מִיט אִיהְם, דָאס מִיר
זָאלֶען אוֹיךְ מִיט אִיהְם פֶערְהֶערְלִיכְט
וֶוערֶען׃
18 וָוארִין אִיךְ דֶענְק אַז דִיא לֵיידֶען
פוּן דִיזֶער צֵייט זֶענֶען נִיט וֶוערט פֶערְ־
גְלֵייכְט צוּ וֶוערֶען מִיט דֶער הֶערְלִיכ־
קֵייט וָואס וֶועט אִין אוּנְס עֶנְטְפְּלֶעקְט
וֶוערֶען׃
19 וָוארִין דִיא עֶנְגְסְטְלִיכֶע הָאפְנוּנְג
פוּן דֶעם בֶּעשֶׁעפֶּנִים וַוארְטֶעט אוֹיף דֶעם
אַנְטְפְּלֶעקֶען פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט׃
20 וָוארִין דָאס בֶּעשֶׁעפֶּנִים אִיז אוּנְטֶער־
טֶענִיג צוּ אֵייטֶעלְקֵייט נִיט פוּן אִיהְרֶען
ווִילֶען, גֵייעֶרְט וֶועגֶען אִיהְם וָואס הָאט
עֶס אוּנְטֶערטֶענִיג גֶעמַאכְט אִין הָאפְנוּנְג׃
21 וָוארִין דָאס בֶּעשֶׁעפֶּנִים זֶעלְבְּסְט
וֶועט פְרֵייא גֶעמַאכְט וֶוערֶען פוּן דֶעם
דִינְסְט פוּן פֶערְדֶערבְּנִים צוּ דֶער הֶערְ־
לִיכֶער פְרֵייהֵייט פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן
גָאט׃
22 וָוארִין מִיר ווִיסֶען אַז דָאס גַאנְצֶע
בֶּעשֶׁעפֶּנִים טְהוּט צוּזַאמֶען זִיפְצֶען אוּנְד
אַנְגְסְטֶען בִּיז יֶעצְט׃
23 אוּנְד נִיט דָאס אַלֵיין, גֵייעֶרְט אוֹיךְ
מִיר זֶעלְבְּסְט וָואס הָאבֶּען דִיא עֶרְשְׁטֶע
פְרוּכְט פוּן דֶעם גֵייסְט, אוֹיךְ מִיר
זֶעלְבְּסְט טְהוּן אִין זִיךְ זִיפְצֶען, אוּנְד
וַוארְטֶען אוֹיף דֶער קִינְדְשַׁאפְט, דָאס
אִיז, אוֹיף דֶעם אוֹיסְלֵייזֶען פוּן אוּנְזֶער
לֵייב׃
24 וָוארִין מִיר וֶוערֶען זֶעלִיג אִין דֶער
הָאפְנוּנְג, אָבֶּער דִיא הָאפְנוּנְג וָואס
וֶוערְט גֶעזֶעהֶען אִיז נִיט קֵיינֶע הָאפְנוּנְג,
וָוארִין וָואס אֵיינֶער זֶעהְט, וָוארוּם טְהוּט
עֶר נָאךְ דַארוֹיף הָאפֶען׃
25 אָבֶּער וֶוען מִיר הָאפֶען אוֹיף דֶעם

וָאס מִיר זֶעהֶען נִיט, אַזוֹי טְהוּן מִיר
דַארוּיף וַוארְטֶען מִיט גֶעדוּלְד׃
26 דֶעסגְלֵייכֶען אוֹיךְ דֶער גֵייסְט
הֶעלְפְט אוּנְזֶערֶע שְׁוַואכְהֵייטֶען. וָוארִין
מִיר וִויסֶען נִיט וָאס מִיר זָאלֶען בֶּעטֶען
וִויא עֶס קֶעהר צוּ זֵיין, אָבֶּער דֶער
גֵייסְט זֶעלְבְּסְט בֶּעטֶעט פַאר אוּנְס מִיט
אוּנְאוֹיסְשְׁפְּרֶעכְלִיכֶען זִיפְצֶען׃
27 אוּנְד דֶער וָאס פָּארְשְׁט דִיא
הֶערְצֶער, ווֵייסְט דֶעם זִין פוּן דֶעם
גֵייסְט, וָוארִין עֶר בֶּעטֶעט פַאר דִיא
הֵיילִיגֶע נָאךְ דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט׃
28 אוּנְד מִיר וִויסֶען אַז אַלֶע זַאכֶען
וֶוערְקֶען צוּם גוּטֶען צוּ דִיא וָואס לִיבֶּען
גָאט, צוּ דִיא וָואס זֶענֶען בֶּערוּפֶען נָאךְ
זֵיין פָארְזַאץ׃
29 וָוארִין דִיא וָואס עֶר הָאט פוּן
פְרִיהֶער גֶעקֶענְט, הָאט עֶר פֶערָארְדְנֶעט
אַז זֵייא זָאלֶען גְלֵייךְ זֵיין צוּם בִּילְד פוּן
זֵיין זוּהְן, דָאס עֶר זָאל זֵיין דֶער עֶלְצ־
טֶער צְווִישֶׁען פִילֶע בְּרִידֶער׃
30 אוּנְד וֶועלְכֶע עֶר הָאט פֶערָארְדְ־
נֶעט, דִיזֶע הָאט עֶר אוֹיךְ בֶּערוּפֶען;
אוּנְד וֶועלְכֶע עֶר הָאט בֶּערוּפֶען, דִיזֶע
הָאט עֶר גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט, אוּנְד
וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט דִיזֶע
הָאט עֶר אוֹיךְ פֶערְהֶערְלִיכְט׃
31 וָאס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען צוּ
דִיזֶע זַאכֶען? וֶוען גָאט אִיז פַאר אוּנְס,
וֶוער וֶועט קֶעגֶען אוּנְס זֵיין׃
32 דֶער וָאס הָאט נִיט גֶעשׁוֹינְט זֵיין
אֵייגֶענֶעם זוּהְן, נֵייעֶרְט עֶר הָאט אִיהְם
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען פַאר אוּנְס אַלֶע, וִויא
זָאל עֶר אוּנְס נִיט מִיט אִיהְם אַלֶעם
שֶׁענְקֶען׃
33 וֶוער וֶועט בֶּעשׁוּלְדִיגֶען דִיא אוֹיס־
דֶערְווֵיילְטֶע פוּן גָאט? עֶס אִיז גָאט
וָואס טְהוּט רֶעכְטפֶערְטִיגֶען׃
34 וֶוער וִויל פֶערְשׁוּלְדִיגֶען? עֶס אִיז
דֶער מָשִׁיחַ וָואס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, פִיל
מֶעהְר וָואס אִיז אוֹיפְגֶעוֶועקְט, וָואס
אִיז אוֹיךְ אָן דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן
גָאט, אוּנְד וָואס טְהוּט פַאר אוּנְס
בֶּעטֶען׃
35 וֶוער וֶועט אוּנְס שֵׁיידֶען פוּן דֶער
לִיבְּשַׁאפְט פוּן מָשִׁיחַ? זָאל לֵיידֶען,
אָדֶער אַנְגְסְט, אָדֶער פֶערְפָאלְגוּנְג,
אָדֶער הוּנְגֶער, אָדֶער נַאקֶטְהֵייט, אָדֶער
גֶעפֶערְלִיכְקֵייט, אָדֶער דָאס שְׁוֶוערְט
36 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען,
פוּן דֵיינֶעט וֶועגֶען וֶוערֶען מִיר דֶער־
שְׁלָאגֶען דֶעם גַאנְצֶען טָאג, מִיר זֶענֶען
אָנְגֶעזֶעהֶען וִויא דִיא שָׁאף צוּם שֶׁעכְטֶען׃
37 אָבֶּער אִין דִיזֶען אַלֶען טוּהֶען מִיר
זִיעֶער זִיגֶען דוּרְךְ אִיהְם וָואס הָאט אוּנְס
גֶעלִיבְּט׃
38 וָוארִין אִיךְ בִּין פֶערְזִיכֶערְט אַז נִיט
דֶער טוֹיט, אוּנְד נִיט דָאס לֶעבֶּען,
אוּנְד נִיט מַלְאָכִים, אוּנְד נִיט עֶלְצְטֶע,
אוּנְד נִיט מַאכְטֶען, אוּנְד נִיט יֶעצְטִיגֶע
זַאכֶען, אוּנְד נִיט צוּקִינְפְטִיגֶע זַאכֶען׃
39 אוּנְד נִיט דִיא הֵייךְ, אוּנְד נִיט
דִיא טִיפֶענִיס, אוּנְד נִיט קֵיין שׁוּם
אַנְדֶערֶע בֶּעשֶׁעפֶענִיס וֶועט מִיךְ קֶענֶען
אָפְּשֵׁיידֶען פוּן דֶער לִיבְּשַׁאפְט פוּן גָאט,
וָואס אִיז אִין אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ׃

קאפיטעל ט

1 אִיךְ רֶעד דִיא וָואהְרְהֵייט אִין מָשִׁיחַ,
אוּנְד אִיךְ לִיג נִיט. מֵיין גֶעוִויסֶען בֶּע־
צֵייגְט מִיר אוֹיךְ אִין דֶעם הֵיילִיגֶען
גֵייסְט׃
2 אַז אִיךְ הָאבּ גְרוֹיס צַעַר אוּנְד
אָנְגְאוֹיפְהֶערְלִיכֶען שְׁמֶערְץ אִין מֵיין הַאַרְץ׃

3 וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעוִוינְשְׁט זֶעלְבְּסְט
פֶערְשָׁאלְטֶען צוּ זַיין פוּן מָשִׁיחַ, פַאר
מֵיינֶע בְּרִידֶער, מֵיינֶע קְרוֹבִים נָאךְ
דֶעם פְלֵייש:
4 וָואס זֶענֶען יִשְׂרְאֵלִים, אוּנְד זֵייעֶרְס
אִיז דִיא קִינְדְשַׁאפְט, אוּנְד דִיא הֶערְ־
לִיכְקֵייט, אוּנְד דֶער בְּרִית, אוּנְד דִיא
גָאבּ פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, אוּנְד דִיא עֲבוֹדָה,
אוּנְד דִיא הַבְטָחוֹת:
5 אוּנְד זֵייעֶרְס זֶענֶען דִיא אָבוֹת, אוּנְד
פוּן זֵייא אִיז דֶער מָשִׁיחַ גֶעקוּמֶען נָאךְ
דֶעם פְלֵייש, וָואס אִיז גָאט אִיבֶּער
אַלֶעס גֶעלוֹיבְּט אוֹיף אֵייבִּיג, אָמֵן:
6 נִיט אוֹיבּ דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז
אַוֶועקְגֶעפַאלֶען, וָוארִין נִיט אַלֶע וָואס
זֶענֶען פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען יִשְׂרְאֵלִים:
7 אוּנְד אוֹיךְ נִיט אַלֶע זֶענֶען קִינְדֶער,
וַוייל זֵייא זֶענֶען דֶער זָאמֶען פוּן
אַבְרָהָם, נֵייעֶרְט אִין יִצְחָק זָאל דַיין
זָאמֶען גֶערוּפֶען וֶוערֶען:
8 דָאס אִיז, נִיט דִיא קִינְדֶער פוּן
דֶעם פְלֵייש זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן
גָאט, נֵייעֶרְט דִיא קִינְדֶער פוּן דֶער
הַבְטָחָה זֶענֶען גֶערֶעכֶענְט פַאר דֶעם
זָאמֶען:
9 וָוארִין דָאס וָוארְט פוּן דֶער הַבְטָחָה
אִיז דָאס, צוּ דִיזֶער צַייט וֶועל אִיךְ
קוּמֶען, אוּנְד שָׂרָה וֶועט הָאבֶּען אֵיין
זוּהְן:
10 אוּנְד נִיט דָאס אַלֵיין, נֵייעֶרְט אוֹיךְ
רִבְקָה וֶוען זִיא אִיז טְרָאגֶעדִיג גֶע־
וָוארֶען פוּן אֵיינֶעם, פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער
יִצְחָק:
11 אוּנְד אֵיידֶער דִיא קִינְדֶער זֶענֶען
נָאךְ גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאבֶּען
נִיט גֶעטְהוּן קֵיין גוּטֶעס אָדֶער שְׁלֶעכְ־
טֶעס, אַז דֶער פָארְזַאץ פוּן גָאט זָאל
בֶּעשְׁטֵיין וִויא עֶר הָאט אוֹיסְדֶערְוֶויילְט,
נִיט דוּרְךְ מַעֲשִׂים נֵייעֶרְט דוּרְךְ אִיהְם
וָואס טְהוּט בֶּערוּפֶען:
12 אַזוֹי אִיז צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט גֶע־
וָוארֶען, אַז דֶער עֶלְצְטֶער וֶועט דִינֶען
דֶעם יוּנְגֶערֶן:
13 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען,
יַעֲקֹב הָאבּ אִיךְ גֶעלִיבְּט, אוּנְד עֵשָׂו
הָאבּ אִיךְ גֶעהַאסְט:
14 וָואס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען? אִיז
דֶען אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִין גָאט?
חָלִילָה:
15 וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה,
אִיךְ וֶועל לֵייטְזֶעלִיגֶען וֶועמֶען אִיךְ וִויל
לֵייטְזֶעלִיגֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ דֶערְ־
בַּארְמֶען אִיבֶּער וֶועמֶען אִיךְ וֶועל מִיךְ
דֶערְבַּארְמֶען:
16 דְרוּם אִיז עֶס נִיט פוּן אִיהְם וָואס
וִויל, אוּנְד נִיט פוּן אִיהְם וָואס לוֹיפְט,
נֵייעֶרְט פוּן גָאט וָואס טְהוּט לֵייטְזֶע־
לִיגֶען:
17 וָוארִין דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט צוּ פַּרְעֹה,
אִיךְ הָאבּ דִיךְ וֶועגֶען דִיזֶען אוֹיפְגֶע־
שְׁטֶעלְט, כְּדֵי אִיךְ זָאל אָן דִיר בֶּע־
וַוייזֶען מֵיינֶע מַאכְט, אוּנְד אַז מֵיין
נָאמֶען זָאל דֶערְצֵיילְט וֶוערֶען אִין דֶער
גַאנְצֶער וֶועלְט:
18 דְרוּם טְהוּט עֶר לֵייטְזֶעלִיגֶען וֶועמֶען
עֶר וִויל, אוּנְד טְהוּט פֶערְהַארְטֶען וֶועמֶען
עֶר וִויל:
19 דוּא וֶועסְט דֶען צוּ מִיר זָאגֶען,
וָוארוּם שְׁטְרָאפְט עֶר אוּנְס נָאךְ? וָוארִין
וֶוער אִיז זַיין ווִילֶען ווִידֶערְשְׁטַאנֶען:
20 יוֹא, דוּא מֶענְשׁ, וֶוער בִּיסְט דוּא,
דָאס דוּא זָאלְסְט גָאט אָפְּעֶנְטְפֶערְן?
קֶען דָאס וֶוערְק זָאגֶען צוּ זַיין מֵייסְטֶער,
וָוארוּם הָאסְט דוּא מִיךְ אַזוֹי גֶעמַאכְט:

21 הָאט נִיט דֶער טֶעפֶּער מַאכְט אִיבֶּער דֶעם לֵיים, אַז עֶר זָאל מַאכֶען פוּן דֶעם אֵיינֶענֶעם שְׁטִיק אֵיין כְּלִי צוּ כָּבוֹד, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶעס צוּ שַׁאנְד:

22 אוּנְד וֶוען גָאט הָאט גֶעוָואלְט בֶּעווייזֶען זַיין צָארְן אוּנְד צוּ וִויסֶען טְהוּן זַיינֶע מַאכְט, הָאט עֶר מִיט גְרוֹיסֶער גֶעדוּלְד גֶעלִיטֶען דִיא כֵּלִים פוּן צָארְן וָואס זֶענֶען צוּגֶערִיכְט צוּם פֶערְדַארְבֶּען:

23 אוּנְד אַז עֶר זָאל צוּ וִויסֶען טְהוּן דֶעם רֵייכְטוּם פוּן זַיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט אִיבֶּער דִיא כֵּלִים פוּן לֵייטְזֶעלִיגְקֵייט וָועלְכֶע עֶר הָאט פְרִיהֶער אָנְגֶעבְּרֵייט צוּר הֶערְלִיכְקֵייט:

24 וָואס עֶר הָאט אוּנְס בֶּערוּפֶען, נִיט אַלֵיין פוּן דִיא יוּדֶען, נֵייעֶרְט אוֹיךְ פוּן דִיא גוֹיִם:

25 וִויא עֶר זָאגְט אוֹיךְ אִין הוֹשֵׁעַ, אִיךְ וִויל רוּפֶען מֵיין פָאלְק דָאס וָואס וַואר נִיט מֵיין פָאלְק, אוּנְד דִיא גֶעלִיבְּטֶע וָואס וַואר נִיט גֶעלִיבְּט:

26 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעם אָרְט וְוִיא עֶס וַואר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר זֶענְט נִיט מֵיין פָאלְק, דָא וֶועלֶען זֵייא גֶערוּפֶען וֶוערֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט:

27 אוּנְד יְשַׁעְיָה שְׁרֵייט וֶוענֶען יִשְׂרָאֵל, וֶוען דִיא צָאל פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וֶועט זַיין וִויא דֶער זַאנְד פוּן דֶעם יַם, אַזוֹי וֶועט אֵיין אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען:

28 וָוארִין עֶר וֶועט דָאס וֶוערְק עֶנְדִיגֶען אוּנְד וֶועט עֶס אִין קוּרְצֶען דֶערְפִילֶען אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, וָוארִין אֵיין קוּרְצֶעס וֶוערְק וֶועט דֶער הַאר מַאכֶען אוֹיף דֶער עֶרְד:

29 אוּנְד וִויא יְשַׁעְיָה הָאט פְרִיהֶער גֶעזָאגְט, וֶוען גָאט דֶער הַאר פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען הֶעט אוּנְס נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אֵיין זָאמֶען, אַזוֹי הֶעטֶען מִיר גֶעוֶועזֶען וִויא סְדוֹם, אוּנְד גְלֵייךְ צוּ עֲמוֹרָה:

30 וָואס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען? דָאס דִיא גוֹיִם וָואס הָאבֶּען נִיט נָאכְגֶעפָאלְגְט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, הָאבֶּען דֶערְהַאלְטֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס אִיז דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען:

31 אוּנְד דִיא יִשְׂרָאֵל וָואס הָאבֶּען נָאכְגֶעפָאלְגְט דָאס גֶעזֶעץ פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, הָאבֶּען נִיט דֶערְלַאנְגְט צוּם גֶעזֶעץ פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט?

32 וָוארוּם? וֵוייל זֵייא הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעזוּכְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען, נֵייעֶרְט דוּרְךְ דִיא מַעֲשִׂים פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטוֹיסֶען אָן דֶעם שְׁטֵיין פוּן שְׁטְרוֹיכְלוּנְג:

33 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, זֶעה, אִיךְ לֵייג אִין צִיוֹן אֵיין שְׁטֵיין פוּן אָנְשְׁטוֹיס, אוּנְד אֵיין פֶעלְזֶען פוּן שְׁטְרוֹיכְלוּנְג; אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם וֶועט נִיט פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען:

## קאפיטעל י

1 בְּרִידֶער, עֶס אִיז דֶער וִוינְשׁ פוּן מֵיין הַארְץ, אוּנְד מֵיין גֶעבֶּעט צוּ גָאט פַאר יִשְׂרָאֵל, אַז זֵייא זָאלֶען גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען:

2 וָוארִין אִיךְ זָאג זֵייא עֵדוּת אַז זֵייא זֶענֶען אֵייפְרִיג פַאר גָאט, אָבֶּער נִיט מִיט וִויסֶענְשַׁאפְט:

3 וָוארִין וֵוייל זֵייא קֶענֶען נִיט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט, אוּנְד זוּכֶען

אויפְצוּרִיכְטֶען זֵייעֶרע אֵייגֶענֶע גֶערֶעכְ־
טִיגְקֵייט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען נִיט אוּנְטֶערְ־
טֶענִיג צוּר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט:
4 וָוארִין מָשִׁיחַ אִיז דָאס עֶנְד פוּן דֶער
תּוֹרָה צוּ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ אִיטְלִיכֶען
וָואס גְלוֹיבְּט:
5 וָוארִין משֶׁה שְׁרֵייבְּט פוּן דֶער גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט וָואס אִיז פוּן דֶער תּוֹרָה,
אַז דֶער מֶענְשׁ וָואס טְהוּט דָאס וֶועט
דְרִינֶען לֶעבֶּען:
6 אָבֶּער דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם
גְלוֹיבֶּען זָאגְט אַזוֹי, זָאג נִיט אִין
דֵיין הַארְץ, וֶוער וֶועט אַרויפְגֵיין אִין
הִימֶעל אַרֵיין? דָאס אִיז כְּדֵי מָשִׁיחַ
אַרוּפְצוּבְּרֶענְגֶען פוּן דֶעם טוֹיט:
7 אָדֶער וֶוער וֶועט אַרוּפְּגֵיין אִין דֶער
טִיפֶענִישׁ אַרֵיין? דָאס אִיז, כְּדֵי מָשִׁיחַ
אַרוֹיף צוּ בְּרֶענְגֶען פוּן דֶעם טוֹיט:
8 אָבֶּער וָואס זָאגְט עֶס? דָאס וָוארְט
אִיז נָאהנְט צוּ דִיר, אִין דֵיין מוֹיל אוּנְד
אִין דֵיין הַארְץ, דָאס אִיז דָאס וָוארְט
פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס מִיר פְּרֶעדִיגֶען:
9 אַז וֶוען דוּא וֶועסְט בֶּעקֶענֶען מִיט
דֵיין מוֹיל דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, אוּנְד וֶועסְט
גְלוֹיבֶּען אִין דֵיין הַארְץ אַז גָאט הָאט
אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דֶעם טוֹיט,
וֶועסְט דוּא גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען:
10 וָוארִין מִיט דֶעם הַארְץ גְלוֹיבְּט
מֶען צוּר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד מִיט דֶעם
מוֹיל בֶּעקֶענְט מֶען צוּר זֶעלִיגְקֵייט:
11 וָוארִין דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט, אִיטְלִיכֶער
וָואס גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם וֶועט נִיט פֶערְ־
שֶׁעמְט וֶוערֶען:
12 וָוארִין עֶס אִיז נִיט קֵיין אוּנְטֶערְ־
שֵׁייד צְוִוישֶׁען דֶעם יְהוּדִי אוּנְד דֶעם
יָוָן. וָוארִין עֶס אִיז דֶער זֶעלְבִּיגֶער הַאר,
אִיבֶּער אַלֶע, וָואס אִיז רֵייךְ צוּ אַלֶע
וָואס טְהוּן אִיהְם אָנְרוּפֶען:
13 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט אָנְ־
רוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר גָאט
וֶועט זֶעלִיג וֶוערֶען:
14 אָבֶּער וִויא זָאלֶען זֵייא אִיהְם אָנְ־
רוּפֶען אִין וֶועלְכֶען זֵייא הָאבֶּען נִיט
גֶעגְלוֹיבְּט? אוּנְד וִויא זָאלֶען זֵייא
גְלוֹיבֶּען אָן אִיהְם פוּן וֶועלְכֶען זֵייא
הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט? אוּנְד וִויא
זָאלֶען זֵייא הֶערֶען אָהְן אֵיין פְּרֶעדִיגֶער?
15 אוּנְד וִויא זָאלֶען זֵייא פְּרֶעדִיגֶען,
וֶוען זֵייא זֶענֶען נִיט גֶעשִׁיקְט? אַזוֹי
וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, וִויא שֵׁיין
זֶענֶען דִיא פִּיס פוּן דִיא וָואס זֶענֶען
מְבַשֵּׂר שָׁלוֹם. וָואס בְּרֶענְגֶען גוּטֶע
בְּשׂוֹרוֹת:
16 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט אַלֶע גֶע־
הָארְכְט צוּ דֶער בְּשׂוֹרָה. וָוארִין יְשַׁעְיָה
זָאגְט, הַאר, וֶוער הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אוּנְ־
זֶערֶע הֶערוּנְג?
17 דְרוּם קוּמְט דֶער גְלוֹיבֶּען פוּן דֶעם
הֶערֶען, אוּנְד דָאס הֶערֶען דוּרְךְ דֶעם
וָוארְט פוּן גָאט:
18 אִיךְ זָאג אָבֶּער, הָאבֶּען זֵייא דֶען
נִיט גֶעהֶערְט? פַאר גֶעוִויס, זֵייעֶר קוֹל
אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער
עֶרְד, אוּנְד זֵייעֶרע רֵייד בִּיז צוּם עֶק פוּן
דֶער וֶועלְט:
19 אִיךְ זָאג אָבֶּער, הָאט עֶס יִשְׂרָאֵל
נִיט גֶעווּאוּסְט? צוּם עֶרְשְׁטֶען זָאגְט
משֶׁה, אִיךְ וִויל אֵייךְ דֶערְצֶערְנֶען מִיט
דִיא וָואס זֶענֶען נִיט אֵיין פָאלְק, אוּנְד
מִיט אֵיין שַׁאלְקְהַאפְטִיג פָאלְק וֶועל
אִיךְ אֵייךְ דֶערְצֶערְנֶען:
20 אָבֶּער יְשַׁעְיָה דֶערְוֶועגְט זִיךְ צוּ
זָאגֶען, אִיךְ בִּין גֶעפוּנֶען בֵּייא דִיא וָואס
זוּכֶען מִיךְ נִיט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ

בֶּעוִויזֶען צוּ דִיא וָואס פְרֶעגֶען נִיט נָאךְ מִיר :

21 אָבֶּער צוּ יִשְׂרָאֵל זָאגְט עֶר, דֶעם גַאנְצֶען טָאג הָאבּ אִיךְ מֵיינֶע הֶענְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט צוּ אֵיין אָפְּקֶעהְרֶענְדִיג אוּנְד וִוידֶערְשְׁפֶּענִיג פָאלְק :

## קאפיטעל יא

1 אִיךְ זָאג דֶען, הָאט גָאט זַיין פָאלְק פֶערְשְׁטוֹיסֶען ? חָלִילָה, וָוארִין אִיךְ בִּין אוֹיךְ אֵיין בַּר יִשְׂרָאֵל, פוּן דֶעם זָאמֶען פוּן אַבְרָהָם, פוּן שֵׁבֶט בִּנְיָמִין :

2 גָאט הָאט נִיט פֶערְשְׁטוֹיסֶען זַיין פָאלְק וָואס עֶר הָאט פְרִיהֶר דֶערְקֶענְט. ווייסְט אִיהְר דֶען נִיט וָואס דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט פוּן אֵלִיָהוּ ? וִויא עֶר הָאט גֶע־בֶּעטֶען צוּ גָאט וֶועגֶען יִשְׂרָאֵל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט :

3 הַאר, זַייא הָאבֶּען אוּמְגֶעבְּרַאכְט דֵיינֶע נְבִיאִים, אוּנְד הָאבֶּען צוּבְּרָאכֶען דֵיינֶע מִזְבְּחוֹת, אוּנְד אִיךְ בִּין אַלֵיין אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אוּנְד זַייא זוּכֶען מֵיין לֶעבֶּען :

4 אָבֶּער וָואס זָאגְט דִיא עֶנְטפֶער פוּן גָאט צוּ אִיהְם ? אִיךְ הָאבּ מִיר אִיבֶּער־גֶעלָאזְט זִיבֶּען טוֹיזֶענְד מַאן וָואס הָאבֶּען זִיךְ נִיט אַנִידֶערְגֶעקְנִיעֶט צוּ בַּעַל :

5 דְרוּם אִיז אוֹיךְ אַצוּנְד פָארְהַאנְדֶען אֵיינֶע אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג נָאךְ דֶער אוֹיסְ־דֶערְוֶוייְלוּנְג פוּן דֶער גְנָאד :

6 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז דוּרְךְ גְנָאד, אַזוֹי אִיז עֶס נִיט מֶעהְר דוּרְךְ וֶוערְקֶען. זוּנְסְט אִיז דִיא גְנָאד נִיט מֶעהְר גְנָאד. אָבֶּער וֶוען עֶס אִיז דוּרְךְ וֶוערְקֶען, אַזוֹי אִיז עֶס נִיט מֶעהְר גְנָאד. זוּנְסְט אִיז דָאס וֶוערְק נִיט מֶעהְר וֶוערְק :

7 וָואס דֶען ? וָואס יִשְׂרָאֵל הָאט גֶע־זוּכְט, דָאס הָאבֶּען זַייא נִיט דֶערְהַאלְ־טֶען, אָבֶּער דִיא אוֹיסְדֶערְוֶוייְלוּנְג הָאט עֶס דֶערְהַאלְטֶען, אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זֶענֶען פֶערְשְׁטָאקְט גֶעוָוארֶען :

8 (אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, גָאט הָאט זַייא גֶעגֶעבֶּען אֵיין גֵייסְט פוּן דְרוּמֶעלְן, אוֹיגֶען אַז זַייא זָאלֶען נִיט זֶעהֶען, אוּנְד אוֹירֶען אַז זַייא זָאלֶען נִיט הֶערֶען), בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג :

9 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט, לָאז זֵייעֶר טִישׁ וֶוערֶען פַאר אֵיין שְׁנִיר, אוּנְד פַאר אֵיין נֶעץ, אוּנְד פַאר אֵיין שְׁטְרוֹיכְלוּנְג, אוּנְד פַאר אֵיינֶע פַארְגֶעלְטוּנְג צוּ זַייא :

10 לָאזֶען זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען פֶערְפִינְסְטֶערְט וֶוערֶען, אַז זַייא זָאלֶען נִיט זֶעהֶען, אוּנְד בֵּייג אִימֶער אַרוּפּ זֵייעֶר רוּקֶען :

11 אִיךְ זָאג דֶען, הָאבֶּען זַייא זִיךְ אָנְגֶעשְׁטוֹיסֶען אַז זַייא זָאלֶען פַאלֶען ? חָלִילָה. נֵייעֶרְט דוּרְךְ זֵייעֶר פַאלֶען אִיז דִיא זֶעלִיגְקֵייט גֶעקוּמֶען צוּ דִיא גוֹיִם, כְּדֵי זַייא אֵייפֶרִיג צוּ מַאכֶען :

12 אָבֶּער וֶוען זֵייעֶר פַאל וַואר דֶער רֵייכְטוּם פוּן דֶער וֶועלְט, אוּנְד זֵייעֶרֶע פֶערְמִינְגֶערוּנְג דֶער רֵייכְטוּם פוּן דִיא גוֹיִם, וִויא פִיל מֶעהְר זֵייעֶרֶע דֶערְפִילוּנְג :

13 וָוארִין אִיךְ רֶעד צוּ אֵייךְ גוֹיִם, ווייל אִיךְ בִּין דֶער אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פוּן דִיא גוֹיִם, אַזוֹי טְהוּא אִיךְ מֵיין דִינְסְט לוֹיבֶּען :

14 טָאמֶער וֶועל אִיךְ קֶענֶען אֵייפֶרִיג מַאכֶען דִיא וָואס זֶענֶען מֵיין פְלֵיישׁ, אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן זַייא זָאלֶען זֶעלִיג גֶעמַאכְט וֶוערֶען :

15 וָוארִין וֶוען דָאס פֶערְוַוארְפֶען פוּן זַייא וַואר דָאס מְכַפֵּר זַיין פוּן דֶער וֶועלְט, וָואס וֶועט דָאס עֶנְטפַאנְגֶען פוּן זַייא זַיין וֶוען נִיט לֶעבֶּען פוּן דֶעם טוֹיט ?

16 אוּנְד וָוען דֶער אָנְהֵייבּ אִיז הֵיילִיג,
אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֶער טֵייג הֵיילִיג, אוּנְד
וָוען דִיא וָוארְצֶעל אִיז הֵיילִיג, אַזוֹי
זֶענֶען אוֹיךְ דִיא צְוֵוייגֶען:
17 אוּנְד וָוען עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא צְוֵוייגֶען
זֶענֶען אָפְּגֶעבְּרָאכֶען, אוּנְד דוּא וָואס
בִּיסְט אַיין ווִילְדֶער אֵיילְבּוֹים בִּיסְט
צְווִישֶׁען זֵייא אֵיינְגֶעוָוארְצֶעלְט, אוּנְד
הָאסְט אַיין טֵייל אִין דִיא וָוארְצֶעל אוּנְד
דִיא פֶעטִיגְקֵייט פוּן דֶעם אֵיילְבּוֹים:
18 אַזוֹי רִיהְם דִיךְ נִיט קֶעגֶען דִיא
צְוֵוייגֶען, אָבֶּער וָוען דוּא רִיהְמְסְט דִיךְ,
אַזוֹי זָאלְסְט דוּא ווִיסֶען אַז דוּא
טְרָאגְסְט נִיט דִיא וָוארְצֶעל, נֵייעֶרְט דִיא
וָוארְצֶעל דִיךְ:
19 דוּא וָועסְט אָבֶּער זָאגֶען, דִיא
צְוֵוייגֶען זֶענֶען אָפְּגֶעבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען
כְּדֵי אִיךְ זָאל אֵיינְגֶעוָוארְצֶעלְט וָוערֶען:
20 ווָאוֹיל, זֵייא זֶענֶען אָפְּגֶעבְּרָאכֶען
וָועגֶען אוּמְגְלוֹיבִּיגְקֵייט, אוּנְד דוּא
שְׁטֵייסְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען, זֵייא נִיט
הוֹיכְמוּטִיג, נֵייעֶרְט פָארְכְט דִיךְ:
21 וָוארִין וָוען גָאט הָאט נִיט גֶע־
שׁוֹינְט דִיא נַאטִירְלִיכֶע צְוֵוייגֶען, טָאמֶער
וָועט עֶר דִיךְ אוֹיךְ נִיט שׁוֹינֶען:
22 דְרוּם זֶעה אָן דִיא גוּטִיגְקֵייט אוּנְד
דֶעם צָארְן פוּן גָאט, אִיבֶּער דִיא וָואס
זֶענֶען גֶעפַאלֶען, צָארְן, אָבֶּער קֶעגֶען
דִיר גוּטִיגְקֵייט, וָוען דוּא בְּלֵייבְּסְט אִין
דֶער גוּטִיגְקֵייט, זוּנְסְט וָועסְט דוּא אוֹיךְ
אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען וָוערֶען:
23 אוּנְד זֵייא אוֹיךְ, וָוען זֵייא וָועלֶען
נִיט בְּלֵייבֶּען אִין אוּמְגְלוֹיבִּיגְקֵייט, וָועלֶען
זֵייא אֵיינְגֶעוָוארְצֶעלְט וָוערֶען, וָוארִין
גָאט קֶען זֵייא ווִידֶער אֵיינְוָוארְצֶעלְן:
24 וָוארִין וָוען דוּא בִּיסְט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען
גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם אֵיילְבּוֹים וָואס אִיז
ווִילְד פוּן דֶער נַאטוּר, אוּנְד בִּיסְט
קֶעגֶען דֶער נַאטוּר אֵיינְגֶעוָוארְצֶעלְט
גֶעוָוארֶען אִין אַיין גוּטֶען אֵיילְבּוֹים ווִיא
פִיל מֶעהְר וָועלֶען דִיזֶע נַאטִירְלִיכֶע
צְוֵוייגֶען אֵיינְגֶעוָוארְצֶעלְט וָוערֶען אִין
זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם אֵיילְבּוֹים:
35 וָוארִין אִיךְ ווִיל פוּן אֵייךְ נִיט
פֶערְהוֹילֶען, בְּרִידֶער, דִיזֶעם גֶעהֵיימְנִיס,
אַז אִיהְר זָאלְט נִיט קְלוּג זֵיין אִין אֵיירֶע
גֶעדַאנְקֶען), אַז בְּלִינְדְהֵייט אִיז אִים טֵייל
גֶעקוּמֶען אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, בִּיז דִיא דֶערְ־
פִילוּנְג פוּן דִיא גוֹיִם וָועט אָנְקוּמֶען:
26 אוּנְד אַזוֹי וָועט כָּל יִשְׂרָאֵל גֶע־
רֶעטֶעט וָוערֶען, אַזוֹי ווִיא עֶס שְׁטֵייט
גֶעשְׁרִיבֶּען, דֶער גוֹאֵל וָועט קוּמֶען קֵיין
צִיוֹן, אוּנְד וָועט אָפְּטהוּן דִיא גָאטְ־
לָאזִיגְקֵייט פוּן יַעֲקֹב:
27 אוּנְד דָאס אִיז מֵיין בְּרִית מִיט
זֵייא וָוען אִיךְ וָועל אַוֶועקְנֶעמֶען זֵייעֶרֶע
זִינְדֶען:
28 נָאךְ דֶעם עֶוַואנְגֶעלְיוּם זֶענֶען זֵייא
פֵיינְד פוּן אֵייעֶרְט וָועגֶען, אָבֶּער נָאךְ
דֶער אוֹיסְדֶערְוֶויילוּנְג זֶענֶען זֵייא בֶּעלִיבְּט
פוּן וָועגֶען דִיא אָבוֹת:
29 וָוארִין גָאט הָאט נִיט קֵיין חֲרָטָה
וָועגֶען זַיינֶע גָאבֶּען אוּנְד בֶּערוּפוּנְג:
30 וָוארִין אַזוֹי ווִיא אִיהְר. הָאט פְרִיהֶר
נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אִין גָאט, אוּנְד זֶענְט
אַצוּנְד גֶעלֵייטְזֶעלִיגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ
זֵייעֶרֶע אוּמְגְלוֹיבִּיגְקֵייט:
31 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אַצוּנְד אוֹיךְ נִיט
גֶעגְלוֹיבְּט אִין אֵייעֶר לֵייטְזֶעלִיגְקֵייט, אַז
זֵייא זָאלֶען אוֹיךְ גֶעלֵייטְזֶעלִיגְט וָוערֶען:
32 וָוארִין גָאט הָאט זֵייא אַלֶע אֵיינְ־
גֶעשְׁלָאסֶען אִין אוּמְגְלוֹיבִּיגְקֵייט, כְּדֵי עֶר
זָאל אַלֶע לֵייטְזֶעלִיגֶען:
33 אוֹי, ווִיא טִיף אִיז דֶער רֵייכְטוּם

פוּן

פון דֶער וֵוייזְהַייט אוּנְד וִויסֶענְשַׁאפְט
פון גָאט; וִויא אוּנְבֶּעגְרֵייפְלִיךְ זֶענֶען
זֵיינֶע מִשְׁפָּטִים אוּנְד זֵיינֶע וֶועגֶע
קֶענֶען נִיט אויסְגֶעפָארְשְׁט וֶוערֶען:
34 וָוארִין, וֶוער הָאט גֶעקֶענְט דִיא
גֶעדַאנְקֶען פון דֶעם הַאר? אָדֶער וֶוער
אִיז גֶעוֶועזֶען זֵיין עֵצָה־גֶעבֶּער?
35 אָדֶער וֶוער הָאט אִיהְם עֶפֶּעס
פְרִיעֶר גֶעגֶעבֶּען, אַז עֶס זָאל אִיהְם
צוּרִיק בֶּעצָאלְט וֶוערֶען:
36 וָוארִין אַלֶעס אִיז פון אִיהְם, אוּנְד
דוּרְךְ אִיהְם, אוּנְד צוּ אִיהְם, אוּנְד צוּ
אִיהְם אִיז דֶער כָּבוֹד אויף אֵייבִּיג,
אָמֵן:

## קאפיטעל יב

1 דְרוּם בֶּעט אִיךְ אֵייךְ, בְּרִידֶער,
בֵּייא דֶער בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט פון גָאט,
אַז אִיהְר זָאלְט אֵייעֶרֶע לֵייבֶּער אִיבֶּער־
גֶעבֶּען פַאר אֵיין לֶעבֶּעדִיג קָרְבָּן, הֵיילִיג,
אוּנְד וְואוילְגֶעפֶעלִיג צוּ גָאט, וָואס אִיז
אֵייעֶר פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶער דִינְסְט:
2 אוּנְד זֵייט נִיט גֶעגְלֵייכְט צוּ דִיזֶער
וֶועלְט, נֵייעֶרְט זֵייט פַארֶענְדֶערְט דוּרְךְ
דֶער דֶערנֵייעֶרוּנְג פון אֵייעֶר פֶערְ־
שְׁטַאנְד, אַז אִיהְר זָאלְט פְּרוּפֶען וָואס
אִיז דֶער גוּטֶער אוּנְד וְואוילְגֶעפַאלִיגֶער
אוּנְד גַאנְצֶער וִוילֶען פון גָאט:
3 וָוארִין אִיךְ זָאג דוּרְךְ דֶער גְנָאד
וָואס אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען צוּ אִיטְלִיכֶען
פון אֵייךְ, כְּדֵי עֶר זָאל פון זִיךְ נִיט
מֶעהְר דֶענְקֶען וִויא עֶר קֶעהְר צוּ דֶענְ־
קֶען; נֵייעֶרְט עֶר זָאל פון זִיךְ מֶעסִיגְ־
לִיךְ דֶענְקֶען, אִיטְלִיכֶער נָאךְ דֶעם
וִויא גָאט הָאט צוּ אִיהְם אָפְּגֶעטֵיילְט
דָאס מָאס פון גְלויבֶּען?
4 וָוארִין אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען פִילֶע
גְלִידֶער אִין אֵיין לֵייבּ, אוּנְד אַלֶע
גְלִידֶער הָאבֶּען נִיט דָאס זֶעלְבִּיגֶע גֶע־
שֶׁעפְט:
5 אַזוֹי זֶענֶען מִיר פִילֶע אֵיין לֵייבּ
אִין יֵשׁוּעַ, אוּנְד אִיטְלִיכֶער אִיז דָאס
גְלִיד פון אֵיין אַנְדֶערְן:
6 אוּנְד וֵוייל מִיר הָאבֶּען פֶערְשִׁידֶענֶע
גָאבֶּען נָאךְ דֶער גְנָאד וָואס אִיז אוּנְס
גֶעגֶעבֶּען, אִיז עֶס נְבוּאוֹת, לָאז עֶס זֵיין
נָאךְ דֶעם גְלויבֶּען נָאךְ:
7 אִיז עֶס אֵיין דִינְסְט לָאזֶען מִיר זֵיין
אִין דֶעם דִינְסְט; אָדֶער דֶער וָואס
לֶעהְרְט, אִין זֵיינֶע לֶערְנוּנְג:
8 אָדֶער דֶער וָואס דֶערְמַאנְט, אִין
זֵיינֶע דֶערְמַאנוּנְג; דֶער וָואס גִיבְּט, לָאז
עֶר גֶעבֶּען מִיט אֵיינְפֶעלְטִיגְקֵייט, דֶער
וָואס רֶעגִירְט, מִיט זָארְגְפֶעלְטִיגְקֵייט,
דֶער וָואס אִיז בַּארְמְהֶערְצִיג, מִיט
לוּסְט:
9 לָאז דִיא לִיבְּשַׁאפְט נִיט פַאלְשׁ זֵיין.
הַאסְט דָאס בֵּייזֶע, אוּנְד בֶּעהֶעפְט אֵייךְ
צוּם גוּטֶען:
10 לִיבְּט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן מִיט
בְּרִידֶערְלִיכֶע לִיבְּשַׁאפְט. לָאז אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערְן צוּפָאר קוּמֶען אוּם כָּבוֹד
אָנְצוּטְהוּן:
11 זֵייט נִיט פוֹיל אִין גֶעשֶׁעפְטֶען,
זֵייט וַוארֶעם אִין דֶעם גֵייסְט, דִינְט
דֶעם הַאר:
12 פְרֵייעֶט אֵייךְ אִין דֶער הָאפְנוּנְג,
זֵייט גֶעדוּלְדִיג אִין לֵיידֶען, זֵייט פְלֵייסִיג
אִין דֶעם גֶעבֶּעט:
13 הֶעלְפְט דִיא הֵיילִיגֶען אִין דֶער
נוֹיט, זֵייט מַכְנִיס אוֹרְחִים:
14 בֶּענְשְׁט דִיא וָואס יָאגֶען אֵייךְ,
בֶּענְשְׁט אוּנְד פְלוּכְט נִיט:
15 פְרֵייעֶט אֵייךְ מִיט דִיא וָואס פְרֵייעֶן
זִיךְ, אוּנְד וֵויינְט מִיט דִיא וָואס וֵויינֶען:

16 זַייט גְלַייךְ גֶעזִינְט אֵיינֶער צוּ דֶעם
אַנְדֶערְן, טְרַאכְט נִיט אוֹיף הוֹיכֶע זַאכֶען,
נֵייעֶרְט לָאזְט אֵייךְ אַרוּפּ צוּ דִיא
נִידְרִיגֶע, זַייט נִיט קְלוּג בֵּייא אֵייךְ
זֶעלְבְּסְט׃
17 בֶּעצָאלְט קֵיינֶעם נִיט בֵּייזֶעס פַאר
בֵּייזֶען, הַאנְדֶעלְט עֶהְרְלִיךְ צוּ פַאר אַלֶע
מֶענְשֶׁען׃
18 וֶוען עֶס מֶעגְלִיךְ אִיז, וִויא וַוייט
אִיהְר קֶענְט, הָאט שָׁלוֹם מִיט אַלֶע
מֶענְשֶׁען׃
19 גֶעלִיבְּטֶע, זַייט אֵייךְ נִיט נוֹקֵם,
נֵייעֶרְט גִיבְּט פְּלַאץ צוּם צָארְן, וָוארִין
עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, דִיא נְקָמָה אִיז
מַיין, אִיךְ וִויל פֶּערְגֶעלְטֶען, זָאגְט דֶער
הַאר גָאט׃
20 דְרוּם וֶוען דַיין פֵיינְד אִיז הוּנְגְרִיג
גִיבּ אִיהְם צוּ עֶסֶען, וֶוען עֶר אִיז
דָארְשְׁטִיג, גִיבּ אִיהְם צוּ טְרִינְקֶען;
וָוארִין וֶוען דוּא טְהוּסְט דָאס, וֶועסְט
דוּא שִׁייטֶען פֵייעֶרִיגֶע קוֹילֶען אוֹיף זַיין
קָאפּ׃
21 זַייא נִיט בֵּייגֶעקוּמֶען פוּן בֵּייזֶען,
נֵייעֶרְט אִיבֶּערְקוּמְט דָאס בֵּייזֶע מִיט
גוּטֶען׃

## קאפיטעל יג

1 לָאז אִיטְלִיכֶעס נֶפֶשׁ אוּנְטֶערְטֶענִיג
זַיין צוּ דִיא הוֹיכֶע אוֹיבְּרִיגְקֵייטֶען, וָוארִין
עֶס אִיז קֵיינֶע אוֹיבְּרִיגְקֵייט נִיט נֵייעֶרְט
פוּן גָאט, אוּנְד דִיא פֶערְהַאנְדִינֶע אוֹיבְּ־
רִיגְקֵייטֶען זֶענֶען בֶּעפוֹילֶען פוּן גָאט׃
2 דְרוּם וֶוער עֶס וִוידֶערְזֶעצְט זִיךְ
דֶער אוֹיבְּרִיגְקֵייט, דֶער וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגְט
קֶעגֶען דֶעם בֶּעפֶעל פוּן גָאט, אָבֶּער
דִיא וָואס טְהוּן וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגֶען, וֶועלֶען
אִיבֶּער זִיךְ אֵיין מִשְׁפָּט עֶנְטְפַאנְגֶען׃
3 וָוארִין דִיא הֶערְשֶׁערְס זֶענֶען נִיט
פַאר אֵיינֶע פוּרְכְט צוּ גוּטֶע מַעֲשִׂים,
נֵייעֶרְט צוּ בֵּייזֶע, וֶוען דוּא וִוילְסְט דִיא
אוֹיבְּרִיגְקֵייטֶען נִיט פָּארְכְטֶען, אַזוֹי
טְהוּא דָאס וָואס אִיז רֶעכְט, אוּנְד דוּא
וֶועסְט הָאבֶּען לוֹיבּ פוּן דֶערְזֶעלְבִּיגֶען׃
4 וָוארִין זִיא אִיז אֵיין דִינֶער פוּן גָאט
צוּ דִיר פַאר גוּטֶען. אָבֶּער וֶוען דוּא
טְהוּסְט בֵּייז, אַזוֹי פָּארְכְט דִיךְ, וָוארִין
זִיא טְרָאגְט נִיט דָאס שְׁוֶוערְד בְּחִנָם,
וָוארִין זִיא אִיז אֵיין דִינֶער פוּן גָאט,
וָואס טְהוּט זִיךְ נוֹקֵם זַיין אִין צָארְן אָן
דֶעם וָואס טְהוּט בֵּייז׃
5 דְרוּם אִיז עֶס נֵייטִיג אִיהְר זָאלְט
אוּנְטֶערְטֶענִיג זַיין, נִיט אַלֵיין וֶועגֶען
דֶעם צָארְן, נֵייעֶרְט אוֹיךְ וֶועגֶען דֶעם
גֶעוִויסֶען׃
6 דְרוּם זָאלְט אִיהְר אוֹיךְ מַס צָאלֶען.
וָוארִין זֵייא זֶענֶען דִיא בֶּעדִינְטֶע פוּן
גָאט, אוּנְד זֶענֶען תָּמִיד אִין דִיזֶען בֶּע־
שֶׁעפְטִיגְט?
7 דְרוּם גִיבְּט צוּ אִיטְלִיכֶען וָואס אִיהְר
זַייט שׁוּלְדִיג, מַס צוּ וֶועמֶען עֶס קוּמְט
מַס, מֶכֶס, צוּ וֶועמֶען עֶס קוּמְט מֶכֶס,
פוּרְכְט, צוּ וֶועמֶען עֶס קֶעהְר פוּרְכְט,
אוּנְד כָּבוֹד. צוּ וֶועמֶען עֶס קֶעהְר
כָּבוֹד׃
8 זַייט קֵיינֶעם גָאר נִישְׁט שׁוּלְדִיג,
נֵייעֶרְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן צוּ לִיבֶּען,
וָוארִין דֶער וָואס לִיבְּט אֵיין אַנְדֶערְן
הָאט דֶערְפִילְט דָאס גֶעזֶעץ׃
9 וָוארִין דָאס וָואס אִיז גֶעזָאגְט, דוּא
זָאלְסְט נִיט אוּמְקֵיישֶׁען, דוּא זָאלְסְט
נִיט מָארְדֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט גַנְבֶנְ׳ן,
דוּא זָאלְסְט נִיט פַאלְשֶׁע עֵדוּת זָאגֶען
דוּא זָאלְסְט נִיט גְלוּסְטֶען, אוּנְד אוֹיבּ
עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אֵיין אַנְדֶער גֶעבָּאט,
אִיז עֶס עֶנְטְהַאלְטֶען אִין דִיזֶען וָוארְט,

דוּא זָאלְסְט דֵיין גֶעוֶועלֶען לִיבֶּען וִויא
דִיךְ זֶעלְבְּסְט:
10 דִיא לִיבְּשַׁאפְט טְהוּט נִיט קֵיין
בֵּייז צוּם גֶעוֶועלֶען, דְרוּם אִיז דִיא לִיבְּ־
שַׁאפְט דָאס דֶערְפִילֶען פוּן דֶעם גֶעזֶעץ:
11 אוּנְד דָאס, וֶוייל מִיר וֵויסֶען דִיא
צֵייט, אַז עֶס אִיז שׁוֹין צֵייט מִיר זָאלֶען
פוּן דֶעם שְׁלָאף אוֹיפְשְׁטֵיין, וָוארִין
אַצוּנְד אִיז אוּנְזֶערֶע זֶעלִיגְקֵייט נֶעהְנ־
טֶער וִויא וֶוען מִיר הָאבֶּען גֶעגְלֵייבְּט:
12 דִיא נַאכְט אִיז וֵוייט פַארְבֵּייא גֶעגַ־
גַאנְגֶען, אוּנְד דֶער טָאג אִיז נָאהְנְט,
דְרוּם לָאזֶען מִיר אָפְּטְהוּן דִיא וֶוערְק
פוּן דֶער פִינְסְטֶערְנִיס אוּנְד לָאזֶען מִיר
אָנְטְהוּן דִיא וַואפֶען פוּן דֶעם לִיכְט?
13 לָאזֶען מִיר וַואנְדְלֶען בְּכָבוֹד וִויא
בֵּייא טָאג, נִיט אִין פְרֶעסֶען אוּנְד
זוֹיפֶען, נִיט אִין שְׁלָאפֶען אוּנְד יֵצֶר הָרָע,
נִיט אִין גֶעצַאנְק אוּנְד קִנְאָה:
14 נֵייעֶרְט טְהוּט אָן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ, אוּנְד גְרֵייט נִיט אָן פַאר דִיא
גְלוּסְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם פְלֵייש:

## קאפיטעל יד

1 אַנְטְפַאנְגְט דֶעם וָואס אִיז שְׁוַואךְ
אִים גְלוֹיבֶּען, אָבֶּער נִיט צוּ צְוֵוייפֶעלְ־
הַאפְטִיגֶע גֶעדַאנְקֶען:
2 וָוארִין אֵיינֶער גְלוֹיבְּט אַז עֶר מֶעג
אַלֶעס עֶסֶען, אוּנְד דֶער וָואס אִיז שְׁוַואךְ
עֶסְט קְרֵייטֶער:
3 דֶער וָואס עֶסְט, לָאז עֶר נִיט פֶערְ־
שֶׁעמֶען דֶעם וָואס עֶסְט נִיט, אוּנְד
דֶער וָואס עֶסְט נִיט, לָאז עֶר נִיט
רִיכְטֶען דֶעם וָואס עֶסְט, וָוארִין גָאט
הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶענוּמֶען:
4 וֶוער בִּיסְט דוּא וָואס טְהוּסְט
רִיכְטֶען דֶעם קְנֶעכְט פוּן אֵיין אַנְדֶערְן?
עֶר שְׁטֵייט אָדֶער עֶר פַאלְט צוּ זֵיין
אֵייגֶענֶעם הַאר, אָבֶּער עֶר וֶועט אוֹיךְ
אוֹיפְגֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען, וָוארִין גָאט קֶען
אִיהְם אוֹיפְרִיכְטֶען:
5 אֵיינֶער הַאלְט אֵיין טָאג גְרֶעסֶער
וִויא דֶעם אַנְדֶערְן, דֶער אַנְדֶערֶער הַאלְט
אִיטְלִיכֶען טָאג גְלֵייךְ, לָאז אִיטְלִיכֶער
גֶעוִויס אִיבֶּערְצֵייגְט זֵיין אִין זֵיינֶע אֵיי־
גֶענֶע גֶעדַאנְקֶען:
6 דֶער וָואס הַאלְט דֶעם טָאג, הַאלְט
עֶר אִיהְם צוּם הַאר, אוּנְד דֶער וָואס
הַאלְט נִיט דֶעם טָאג, הַאלְט עֶר אִיהְם
נִיט צוּם הַאר, דֶער וָואס טְהוּט עֶסֶען,
עֶסְט צוּם הַאר; וָוארִין עֶר דַאנְקְט
גָאט, אוּנְד דֶער וָואס טְהוּט נִיט עֶסֶען,
עֶסְט נִיט צוּם הַאר, אוּנְד דַאנְקְט
גָאט:
7 וָוארִין קֵיינֶער פוּן אוּנְס לֶעבְּט נִיט
צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אוּנְד קֵיינֶער שְׁטַארְבְּט
נִיט צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט:
8 וָוארִין וֶוען מִיר לֶעבֶּען, לֶעבֶּען מִיר
צוּם הַאר, אוּנְד וֶוען מִיר שְׁטַארְבֶּען,
שְׁטַארְבֶּען מִיר צוּם הַאר, דְרוּם אוֹיבּ
מִיר לֶעבֶּען אָדֶער שְׁטַארְבֶּען, זֶענֶען
מִיר דֶעם הַאר'ס:
9 וָוארִין פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז יֵשׁוּעַ
גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד אִיז וִוידֶער לֶעבֶּעדִיג גֶעוָוארֶען,
אַז עֶר זָאל זֵיין דֶער הַאר פוּן דִיא
לֶעבֶּעדִיגֶע אוּנְד פוּן דִיא טוֹיטֶע:
10 אָבֶּער וָוארוּם טְהוּסְט דוּא דֵיין
בְּרוּדֶער רִיכְטֶען? אָדֶער וָוארוּם טְהוּסְט
דוּא דֵיין בְּרוּדֶער פֶערשֶׁעמֶען? וָוארִין
מִיר וֶועלֶען אַלֶע שְׁטֵיין פַאר דֶעם
רִיכְטֶערְשְׁטוּל פוּן גָאט:
11 וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, אַזוֹי
וָואהְר וִויא אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט דֶער הַאר,
צוּ מִיר וֶועט זִיךְ בֵּייגֶען אִיטְלִיכֶעס

קֶנִיא, אוּנְד אִיטְלִיכֶע צוּנְג װֶעט בֶּעקֶענֶען (אָדֶער לוֹיבֶּען) צוּ גָאט:

12 דְרוּם װֶעט אִיטְלִיכֶער פוּן אוּנְס אַ חֶשְׁבּוֹן גֶעבֶּען צוּ גָאט פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט:

13 דְרוּם לָאזֶען מִיר נִיט מֶעהְר אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן רִיכְטֶען, נֵייעֶרְט טְהוּט בֶּעסֶער דָאס רִיכְטֶען, אַז קֵיינֶער זָאל זֵיין בְּרוּדֶער קֵיין אָנְשְׁטוֹיס אוּנְד קֵיין שְׁטְרוֹיכְלוּנְג נִיט אִים װֶעג לֵייגֶען:

14 אִיךְ װֵייס, אוּנְד בִּין פֶערְזִיכֶערְט אִין דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, אַז קֵיין זַאךְ אִיז נִיט אוּמְרֵיין אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט, נֵייעֶרְט צוּ דֶעם װָאס דֶענְקְט אַז אֵיין זַאךְ אִיז אוּמְרֵיין, צוּ דֶעם אִיז עֶס אוּמְרֵיין:

15 אָבֶּער װֶען דֵיין בְּרוּדֶער װֶערְט בֶּעטְרִיבְּט אִיבֶּער דֵיין עֶסֶען, אַזוֹי טְהוּסְט דוּא נִיט מֶעהְר װַאנְדֶלֶען נָאךְ דֶער לִיבְּשַׁאפְט, לָאז נִיט דֶער פֶערְלוֹירֶען גֵיין דוּרְךְ דֵיין עֶסֶען, פַאר װֶעלְכֶען מָשִׁיחַ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען:

16 דְרוּם לָאז אֵייעֶר גוּטְס נִיט גֶעלֶעסְטֶערְט װֶערֶען:

17 װָארִין דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז נִיט עֶסֶען אוּנְד נִיט טְרִינְקֶען, נֵייעֶרְט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד פְרִידֶען, אוּנְד פְרֵייד אִין דֶעם הֵיילִיגֶען גֵייסְט:

18 װָארִין דֶער װָאס דִינְט מָשִׁיחַ אִין דִיזֶע זַאכֶען, דֶער אִיז גָאט װָאוֹילגֶעפַאלֶען, אוּנְד אִיז בֶּעװִילִיגְט בֵּייא דִיא לֵייט:

19 דְרוּם לָאזֶען מִיר נָאכְפָאלְגֶען דִיא זַאכֶען װָאס דִינֶען צוּם פְרִידֶען, אוּנְד מִיט װֶעלְכֶע מִיר קֶענֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן פֶערְבֶּעסֶערְן:

20 צֶערשְׁטֶער נִיט דָאס װֶערְק פוּן גָאט פוּן שְׁפֵּייז װֶעגֶען, אַלֶע זַאכֶען זֶענֶען רֵיין, אָבֶּער עֶס אִיז שְׁלֶעכְט פַאר דֶעם מֶענְשׁ װָאס עֶסְט מִיט אָנְשְׁטוֹיס:

21 עֶס אִיז גוּט נִיט קֵיין פְלֵיישׁ צוּ עֶסֶען, אוּנְד נִיט קֵיין װֵיין צוּ טְרִינְקֶען, אוּנְד נִיט קֵיין זַאךְ אַן װֶעלְכֶען דֵיין בְּרוּדֶער טְהוּט זִיךְ אָנְשְׁטוֹיסֶען, אָדֶער שְׁטְרוֹיכֶעלְן, אָדֶער עֶר װֶערְט שְׁװַאךְ:

22 הָאסְט דוּא גְלוֹיבֶּען? אַזוֹי הָאבּ עֶס צוּ דִיר זֶעלְבְּסְט פַאר גָאט, װָאוֹיל דֶעם װָאס טְהוּט זִיךְ נִיט זֶעלְבְּסְט בֶּעשׁוּלְדִיגֶען אִין דֶעם װָאס עֶר בֶּעװִילִיגְט:

23 אוּנְד דֶער װָאס צְװֵייפֶעלְט אִיז פֶערשׁוּלְדִיגְט װֶען עֶר עֶסְט װֵייל עֶס אִיז נִיט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען. אוּנְד אַלֶעס װָאס אִיז נִיט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אִיז זִינְד:

## קאפיטעל טו

1 אוּנְד מִיר װָאס זֶענֶען שְׁטַארְק קֶערִין צוּ לֵיידֶען דִיא שְׁװַאכְהֵייטֶען פוּן דִיא שְׁװַאכֶען, אוּנְד נִיט זִיךְ זֶעלְבְּסְט גֶעפַאלֶען צוּ לָאזֶען:

2 לָאז אִיטְלִיכֶער פוּן אוּנְס זֵיין גֶעפַאלֶען צוּ גֶעפַאלֶען טְהוּן צוּ גוּטֶען, צוּם פֶערְבֶּעסֶערְן:

3 װָארִין מָשִׁיחַ הָאט זִיךְ אוֹיךְ נִיט זֶעלְבְּסְט צוּ גֶעפַאלֶען גֶעטְהוּן, נֵייעֶרְט װִיא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, דִיא לֶעסְטֶערוּנְגֶען פוּן דִיא װָאס הָאבֶּען דִיךְ גֶעלֶעסְטֶערְט זֶענֶען אוֹיף מִיר גֶעפַאלֶען:

4 װָארִין דָאס װָאס אִיז פְרִיעֶר גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעװָארֶען, װַאר גֶעשְׁרִיבֶּען פַאר אוּנְזֶערֶע לֶערְנוּנְג, אַז מִיר זָאלֶען הָאבֶּען הָאפְנוּנְג דוּרְךְ דֶער גֶעדוּלְד אוּנְד דֶעם טְרֵייסְט פוּן דֶער שְׁרִיפְט:

5 אוּנְד מֶעג אֵייךְ דֶער גָאט פוּן גֶעדוּלְד אוּנְד טְרֵייסְט גֶעבֶּען, אַז אִיהְר זָאלְט אֵיינֶערְלֵייא גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן, אַזוֹי װִיא יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:

6 דָאס אִיהְר זָאלְט צוּזַאמֶען מִיט
אֵיין הַארְץ אוּנְד מִיט אֵיין מוּנְד לוֹיבֶּען
גָאט, דֶעם פָאטֶער פוּן אוּנְזֶער הַאר
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:
7 דְרוּם עֶנְטפַאנְגְט אֵיינֶער דֶעם אַנְ־
דֶערֶען אַזוֹי וִויא מָשִׁיחַ הָאט אֵייךְ אוֹיךְ
עֶנְטפַאנְגֶען צוּם כָּבוֹד פוּן גָאט:
8 אוּנְד אִיךְ זָאג, אַז יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ
וַואר אֵיין דִינֶער פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג
וֶועגֶען דֶער וָואהְרְהֵייט פוּן גָאט, צוּ
בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען דִיא הַבְטָחוֹת פוּן דִיא
אָבוֹת:
9 אוּנְד כְּדֵי דִיא גוֹיִם זָאלֶען גָאט
לוֹיבֶּען פַאר זֵיינֶע גְנָאד, אַזוֹי וִוייא עֶס
שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, דָארוּם וֶועל אִיךְ
דִיךְ לוֹיבֶּען צְוִוישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד
אִיךְ וֶועל זִינְגֶען צוּ דֵיין נָאמֶען:
10 אוּנְד וִוידֶער זָאגְט עֶר, פְרֵייעֶט
אֵייךְ, אִיהְר גוֹיִם מִיט זֵיין פָאלְק:
11 אוּנְד וִוידֶער, פְרֵייזְט גָאט אַלֶע
גוֹיִם, אוּנְד לוֹיבְּט אִיהְם אַלֶע פֶעלְקֶער:
12 אוּנְד יְשַׁעְיָה זָאגְט וִוידֶער, עֶס וֶועט
זֵיין אֵיינֶע וָואוּרְצֶעל פוּן יִשַׁי, אוּנְד דֶער
וָואס וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין צוּ הֶערְשֶׁען
אִיבֶּער דִיא פֶעלְקֶער, אִין אִיהְם וֶועלֶען
דִיא פֶעלְקֶער הָאפֶען:
13 אוּנְד מֶעג אֵייךְ דֶער גָאט פוּן
הָאפְנוּנְג דֶערְפִילֶען מִיט אַלֶע פְרֵייד
אוּנְד פְרִידֶען אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען, אַז
אֵיירֶע הָאפְנוּנְג זָאל פֶערְמֶעהְרְט וֶוערֶען
דוּרְךְ דֶער מַאכְט פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:
14 אוּנְד אִיךְ זֶעלְבְּסְט בִּין פֶערְזִיכֶערְט
וֶועגֶען אֵייךְ מֵיינֶע בְּרִידֶער, אַז אִיהְר
זֶענְט אוֹיךְ פוּל מִיט גִיטִיגְקֵייט, דֶערְ־
פִילְט מִיט אַלֶער וִויסֶענְשַׁאפְט, אוּנְד
קֶענְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן שְׁטְרָאפֶען:
15 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען
מִיט אַבִּיסֶעל מֶעהְר פְרֵייהֵייט, בְּרִידֶער,
כְּדֵי אֵייךְ צוּ דֶערְמַאנֶען דוּרְךְ דֶער
גְנָאד וָואס אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען פוּן גָאט:
16 אַז אִיךְ זָאל זֵיין אֵיין דִינֶער פוּן
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ צוּ דִיא גוֹיִם, צוּ בֶּעדִינֶען
אִין דֶעם עֶוַואנְגֶעלְיוּם פוּן גָאט, אַז
דָאס קָרְבָּן פוּן דִיא גוֹיִם זָאל בֶּעוִוילִיגְט
וֶוערֶען, אוּנְד גֶעהֵיילִיגְט דוּרְךְ דֶעם
רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:
17 דְרוּם קֶען אִיךְ מִיךְ רִיהְמֶען דוּרְךְ
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אִין גָאטֶעס זַאכֶען:
18 וָוארִין אִיךְ וִויל נִיט פְרֵייא זֵיין
עֶפֶּעס צוּ רֶעדֶען פוּן דִיא זַאכֶען וָואס
מָשִׁיחַ הָאט נִיט גֶעוִוירְקְט דוּרְךְ מִיר,
כְּדֵי דִיא גוֹיִם גֶעהָארְזַאם צוּ מַאכֶען
אִין וָוארְט אוּנְד וֶוערְק:
19 דוּרְךְ דֶער קְרַאפְט פוּן צֵייכֶען אוּנְד
וְואוּנְדֶער, דוּרְךְ דֶער מַאכְט פוּן דֶעם
גֵייסְט פוּן גָאט; בִּיז אִיךְ הָאבּ דֶערְ־
פִילְט דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם פוּן מָשִׁיחַ, פוּן
יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד אַרוּם בִּיז אִילִירִיקוּם:
20 אוּנְד אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶעפְלֵייסְט
דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם צוּ פְּרֶעדִיגֶען, נִיט
דָארְטֶען וְואוּ דֶער נָאמֶען פוּן מָשִׁיחַ
וַואר בֶּעקַאנְט, אַז אִיךְ זָאל נִיט בּוֹיעֶן
אוֹיף אֵיין אַנְדֶערְן מַאנְ׳ס גְרוּנְד:
21 נֵייעֶרְט וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען,
צוּ וֶועלְכֶע עֶר וַואר נִיט פֶערקִינְדִיגְט,
דִיא וֶועלֶען זֶעהֶען, אוּנְד דִיא וָואס
הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט, וֶועלֶען פֶערְשְׁטֵיין:
22 דְרוּם בִּין אִיךְ אוֹיךְ זֶעהְר גֶע־
הִינְדֶערְט גֶעוָוארֶען צוּ אֵייךְ צוּ קוּמֶען:
23 אָבֶּער אַצוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ נִיט
מֶעהְר פְּלַאץ אִין דִיזֶע לֶענְדֶער, אוּנְד
אַז אִיךְ הָאבּ פֶערְלַאנְגְט צוּ אֵייךְ צוּ
קוּמֶען שׁוֹין פִילֶע יָאהְרֶען:
24 אַזוֹי וֶוען אִיךְ וֶועל גֵיין קֵיין

שְׁפַּאנְיֶען, וֶועל אִיךְ צוּ אֵייךְ קוּמֶען,
וָוארִין אִיךְ הָאף אֵייךְ צוּ זֶעהֶען וֶוען
אִיךְ וֶועל דוּרְכְפָּארֶען, אוּנְד בַּייא אֵייךְ
אַהִין גֶעשִׁיקְט צוּ וֶוערֶען, וֶוען אִיךְ וֶועל
מִיךְ פְּרִיר מִיט אֵייךְ אַבִּיסֶעל זֶעטִיגֶען:
25 אוּנְד אַצוּנְד גֵייא אִיךְ נָאךְ
יְרוּשָׁלַיִם, צוּ בֶּעדִינֶען דִיא הֵיילִיגֶען:
26 וָוארִין עֶס אִיז וְואוֹיל גֶעפַאלֶען צוּ
דִיא לֵייט פוּן מַקֶּדוֹנְיָא אוּנְד אַכַאיָא
זַייא זָאלֶען אֵיינֶע נְדָבָה מַאכֶען פַאר
דִיא אָרֶעמֶע הֵיילִיגֶע וָואס זֶענֶען אִין
יְרוּשָׁלַיִם:
27 עֶס אִיז זַייא וְואוֹילְגֶעפַאלֶען, אוּנְד
זֶענֶען אוֹיךְ זֵייעֶרֶע שׁוּלְדְנֶער, וָוארִין וֶוען
דִיא גוֹיִם הָאבֶען אֵיין טֵייל גֶענוּמֶען
אִין זֵייעֶרֶע גֵייסְטְלִיכֶע זַאכֶען, אַזוֹי קֶערֶען
זַייא אוֹיךְ זַייא צוּ בֶּעדִינֶען אִין וֶועלְט־
לִיכֶע זַאכֶען:
28 דְרוּם וֶוען אִיךְ וֶועל דָאס עֶנְדִיגֶען,
אוּנְד וֶועל זַייא דִיזֶע פְּרוּכְט פַארזִיגֶעלְן,
אַזוֹי וֶועל אִיךְ דוּרְךְ אֵייךְ גֵיין קֵיין
שְׁפַּאנְיֶען:
29 אוּנְד אִיךְ ווֵייס אַז וֶוען אִיךְ וֶועל
צוּ אֵייךְ קוּמֶען, וֶועל אִיךְ קוּמֶען מִיט
אַ פוּלֶע בְּרָכָה פוּן דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם
פוּן מָשִׁיחַ:
30 אוּנְד אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, בְּרִידֶער, בַּייא
אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אוּנְד בַּייא
דֶער לִיבְּשַׁאפְט פוּן דֶעם גֵייסְט, אִיהְר
זָאלְט אֵייךְ מִיט מִיר שְׁטַארְקֶען אִים
גֶעבֶּעט צוּ גָאט פַאר מִיר:
31 אַז אִיךְ זָאל בֶּעשֶׁערְמְט וֶוערֶען פוּן
דִיא אוּמְגְלוֹיבִּיגֶע אִין דֶעם לַאנְד יְהוּדָה,
אוּנְד אַז מֵיין דִינְסְט אִין יְרוּשָׁלַיִם זָאל
אָנְגֶענֶעהְם זַיין בַּייא דִיא הֵיילִיגֶע:
32 אַז אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ קוּמֶען אִין
פְרֵיידֶען דוּרְךְ דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט,
אוּנְד זָאל מִיךְ מִיט אֵייךְ דֶערְקְווִיקֶען:
33 אוּנְד מֶעג דֶער גָאט פוּן פְרִידֶען
מִיט אֵייךְ אַלֶע זַיין, אָמֵן:

## קאפיטעל טז

1 אִיךְ בֶּעפֶעל צוּ אֵייךְ אוּנְזֶערֶע
שְׁוֶועסְטֶער פֶעבֶע, וָואס אִיז אַ דִינְסְט
פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע אִין קֶענְכְרֶעאָ:
2 אַז אִיהְר זָאלְט זִיא אוֹיפְנֶעמֶען אִין
דֶעם הַאר, ווִיא עֶס בֶּעקוּמְט דִיא הֵיי־
לִיגֶען, אוּנְד זָאלְט אִיהְר הֶעלְפֶען אִין
וָואס פַאר אֵיין זַאךְ זִיא וֶועט אֵייעֶרְס
בֶּעדַארְפֶען, וָוארִין זִיא ווַאר אוֹיךְ אֵיין
הִילְף צוּ פִילֶע, אוּנְד אוֹיךְ צוּ מִיר
זֶעלְבְּסְט:
3 גְרִיסְט פְּרִיסְקִילָא אוּנְד אַקְווִילָא
מֵיינֶע הֶעלְפֶערְס אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
4 וָואס הָאבֶען זֵייעֶר הַאלְז אַנִידֶערְ־
גֶעלֵייגְט פַאר מֵיין לֶעבֶּען, אוּנְד נִיט
אִיךְ אַלֵיין טְהוּא זַייא דַאנְקֶען, נֵייעֶרְט
אוֹיךְ אַלֶע גֶעמֵיינְדֶען פוּן דִיא גוֹיִם:
5 גְרִיסְט אוֹיךְ דִיא גֶעמֵיינְדֶע וָואס
אִיז אִין זֵייעֶר הוֹיז. גְרִיסְט עֶפֶּענֶעטוּס
מֵיין גֶעלִיבְּטֶען, וָואס אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער
פוּן אַכַאיָא אִין מָשִׁיחַ:
6 גְרִיסְט מִרְיָם, וָואס הָאט זִיךְ פִיל
בֶּעמִיהְט וֶועגֶען אוּנְס:
7 גְרִיסְט אַנְדְרוֹנִיקוּס אוּנְד יוּנִיאָס
מֵיינֶע קְרוֹבִים אוּנְד מֵיינֶע חֲבֵרִים אִין
דֶער תְּפִיסָה, וָואס זֶענֶען בֶּערִיהְמְט
צְווִישֶׁען דִיא אַפָּאסְטֶעלְס, אוּנְד וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין מָשִׁיחַ פְרִיעֶר פוּן
מִיר:
8 גְרִיסְט אַמְפְּלִיָאס מֵיין גֶעלִיבְּטֶען אִין
דֶעם הַאר:
9 גְרִיסְט אוּרְבַּאנוּס אוּנְזֶער הֶעלְפֶער
אִין מָשִׁיחַ, אוּנְד סְטַאכִיס מֵיין גֶע־
לִיבְּטֶען:

10 גְרִיסְט אַפֶּאלֶעס דֶעם גֶעפְּרוּפְטֶען אִין מָשִׁיחַ, גְרִיסְט דָאס הויזְגֶעזִינְד פוּן אַרִיסְתּוֹבּוּלוּס:

11 גְרִיסְט הֶערוֹדִיָאן מֵיין קָרוֹב, גְרִיסְט דָאס הויזְגֶעזִינְד פוּן נַארְצִיסוּס, וָואס זֶענֶען אִין דֶעם הַאר:

12 גְרִיסְט טְרִיפֶעְנָא אוּנְד טְרִיפָאזָא, וָואס אַרְבֵּייטֶען אִין דֶעם הַאר, גְרִיסְט דִיא גֶעלִיבְּטֶע פֶּערְזִיס, וָואס הָאט פִיל גֶעאַרְבֵּייט אִין דֶעם הַאר:

13 גְרִיסְט רוּפוּס דֶעם אויסדֶערְוֶוערְוִוילְטֶען אִין דֶעם הַאר, אוּנְד זֵיינֶע מוּטֶער אוּנְד מֵיינֶע:

14 גְרִיסְט אַסִינְקְרִיטוּס, פְלֶעגָאן, הֶערְמָאס, פַּאטְרַאבָאס, הֶערְמֶעס, אוּנְד דִיא בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען מִיט זֵייא:

15 גְרִיסְט פִילָאלָאגוּס אוּנְד יוּלְיָא, נֶערֶעאוּס אוּנְד זֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, אוּנְד אָלִימְפָּאס, אוּנְד אַלֶע הֵיילִיגֶע וָואס זֶענֶען מִיט זֵייא:

16 גְרִיסְט אֵינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען מִיט אֵיין הֵיילִיגֶען קִישׁ. דִיא גֶעמֵיינְדֶען פוּן מָשִׁיחַ גְרִיסֶען אֵייךְ:

17 אוּנְד אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, בְּרִידֶער, גִיבְּט אַכְטוּנְג אויף דִיא וָואס מַאכֶען מַחֲלוֹקֶת אוּנְד שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען קֶעגֶען דֶער לֶעהְרֶע וָואס אִיהְר הָאט גֶעלֶערְנְט, אוּנְד פֶערְמֵייד דִיא זֶעלְבִּיגֶען:

18 וָוארִין זָאלְכֶע דִינֶען נִיט אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, נֵייעֶרְט זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם בּויךְ, אוּנְד מִיט גוּטֶע אוּנְד פֵיינֶע וֶוערְטֶער פֶערְפִיהְרֶען זֵייא דִיא הֶערְצֶער פוּן דִיא אֵיינְפֶעלְטִיגֶען:

19 וָוארִין אֵייעֶר גֶעהָארְזַאם אִיז אויסְגֶעגַאנְגֶען צוּ אַלֶע. דְרוּם פְרֵייא אִיךְ מִיךְ וֶועגֶען אֵייךְ, אָבֶּער אִיךְ וִויל אַז אִיהְר זָאלְט זֵיין קְלוּג צוּם גוּטֶען אוּנְד אֵיינְפֶעלְטִיג צוּם בֵּייזֶען:

20 אוּנְד דֶער גָאט פוּן פְרִידֶען וֶועט אִין קוּרְצֶען דֶעם שָׂטָן צוּטְרֶעטֶען אוּנְטֶער אֵייעֶרֶע פִיס. דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶערְן הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זֵייא מִיט אֵייךְ, אָמֵן:

21 טִימוֹטֶעאוּס, מֵיין הֶעלְפֶער, אוּנְד לוּקְיוּס אוּנְד יַאסָאן אוּנְד סָאסִיפַּאטֶער, מֵיינֶע קְרוֹבִים גְרִיסֶען אֵייךְ:

22 אִיךְ טֶערְטִיוּס, וָואס הָאבּ גֶעשְׁרִיבֶּען דִיזֶען בְּרִיעף, גְרִיס אֵייךְ אִין דֶעם הַאר

23 גַאיוּס מֵיין וִוירְט, אוּנְד דֶער וִוירְט פוּן דֶער גַאנְצֶען גֶעמֵיינְדֶע גְרִיסְט אֵייךְ. עֶרַאסְטוּס דֶער פֶערְוַואלְטֶער פוּן דֶער שְׁטָאט גְרִיסְט אֵייךְ, אוּנְד קְוַוארְטוּס אֵיין בְּרוּדֶער:

24 דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זֵייא מִיט אֵייךְ אַלֶע, אָמֵן:

25 אוּנְד צוּ אִיהְם וָואס קֶען אֵייךְ שְׁטַארְקֶען, נָאךְ מֵיין עֶוַואנְגֶעלִיוּם אוּנְד דָאס פְּרֶעדִיגֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, נָאךְ דֶעם אַנְטְפְּלֶעקֶען פוּן דֶעם גֶעהֵיימְנִיס וָואס וַואר פֶערְבָּארְגֶען פוּן אֵייבִּיגֶע צֵייטֶען:

26 אוּנְד אִיז אַצוּנְד עֶפֶענְטְלִיךְ בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט אוּנְד וַואר צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער צוּם גֶעהָארְזַאם פוּן גְלוֹיבֶּען, דוּרְךְ דִיא שְׁרִיפְטֶען פוּן דִיא נְבִיאִים, נָאךְ דֶעם גֶעבָּאט פוּן דֶעם אֵייבִּיגֶען גָאט:

27 צוּם אֵיינְצִיגֶען וֵוייזֶען גָאט, אִיז דֶער כָּבוֹד דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אויף אֵייבִּיג, אָמֵן:

(געשריבען צו דיא רומיים אין קארינט, אונד געשיקט דורך פעבע, איין דינסט פון דער געמיינדע אין קענקרעא.)

# דֶער עֶרשְׁטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פּוֹלוּס צוּ דִיא קָארִינְטֶער.

---

1 פּוֹלוּס בֶּערוּפֶען צוּ זַיין אֵיין
אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דוּרְךְ
דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט, אוּנְד אוּנְזֶער
בְּרוּדֶער סָאסְטֶענִים :
2 צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע פוּן גָאט וָואס
אִיז אִין קָארִינְט, צוּ דִיא גֶעהֵיילִיגְטֶע
אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דִיא בֶּערוּפֶענֶע
הֵיילִיגֶע, מִיט אַלֶע וָואס אִין אִיטְלִיכֶען
אָרְט רוּפֶען אָן דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶער הַאר, זַייעֶרס אוּנְד
אוּנְזֶער :
3 גְנָאד זַייא מִיט אֵייךְ, אוּנְד פְרִידֶען
פוּן גָאט אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְד פוּן דֶעם
הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ :
4 אִיךְ דַאנְק מֵיין גָאט בֶּעשְׁטֶענְדִיג
פַאר אֵייךְ, פַאר דִיא גְנָאד וָואס אִיז
אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען פוּן גָאט דוּרְךְ יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ :
5 דָאס אִיהְר זֶענְט אִין אַלֶעם רֵייךְ
גֶעמַאכְט דוּרְךְ אִיהְם, אִין אַלֶע רֵייד
אוּנְד אִין אַלֶער ווִיסֶענְשַׁאפְט :
6 ווִיא דָאס בֶּעצֵייגְנִים פוּן הַמָּשִׁיחַ
וַואר בֶּעשְׁטֶעטִיגְט אִין אֵייךְ :
7 אַזוֹי דָאס עֶס פֶעהְלְט אֵייךְ נִיט
קֵיין שׁוּם גָאבּ, אוּנְד אִיהְר וַוארְטֶעט
אוֹיף דֶער אַנְטפְּלֶעקוּנְג פוּן אוּנְזֶער
הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ :
8 וָואס וֶועט אֵייךְ אוֹיךְ שְׁטַארְקֶען
בִּיז צוּם עֶנְד, אִיהְר זָאלְט אוּנְשׁוּלְדִיג
זַיין אִין דֶעם טָאג פוּן אוּנְזֶער הַאר
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ :
9 גָאט אִיז גֶעטְרֵייא, דוּרְךְ וֶועלְכֶען
אִיהְר זֶענְט בֶּערוּפֶען צוּ דֶער גֶעמֵיינְ־
שַׁאפְט פוּן זַיין זוּהְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ
אוּנְזֶער הַאר :
10 אוּנְד אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, בְּרִידֶער,
בֵּייא דֶעם נָאמֶען פוּן אוּנְזֶער הַאר
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אַז אִיהְר זָאלְט אַלֶע
רֶעדֶען אֵיינֶערְלֵייא זַאךְ, אוּנְד עֶס זָאל
קֵיינֶע צֶערְשֵׁיידוּנְגֶען נִיט זַיין צְווִישֶׁען
אֵייךְ, נֵייעֶרְט אִיהְר זָאלְט בֶּעהֶעפְט זַיין
אִין אֵיינֶעם זִין אוּנְד אִין אֵיינֶער
מֵיינוּנְג :
11 וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעוָוואר גֶעוָוארֶען
וֶועגֶען אֵייךְ, מֵיינֶע בְּרִידֶער, דוּרְךְ דֶעם
הויזְגֶעזִינְד פוּן כְּלָאעֶס, אַז עֶס אִיז
גֶעצַאנְק צְווִישֶׁען אֵייךְ :
12 אוּנְד דָאס זָאג אִיךְ, אַז אִיטְלִיכֶער
פוּן אֵייךְ זָאגְט, אִיךְ קֶעהְר צוּ פּוֹלוּס,
אוּנְד אִיךְ צוּ אַפָּאלָאס, אוּנְד אִיךְ צוּ
קֶעפַאס, אוּנְד אִיךְ צוּ מָשִׁיחַ :
13 אִיז מָשִׁיחַ צֶערְטֵיילְט ? אִיז פּוֹלוּס
גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען פַאר אֵייךְ ? אָדֶער
זֶענְט אִיהְר גֶעטוֹיפְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם
נָאמֶען פוּן פּוֹלוּס :
14 אִיךְ דַאנְק גָאט דָאס אִיךְ הָאבּ
קֵיינֶעם פוּן אֵייךְ נִיט גֶעטוֹיפְט, נֵייעֶרְט
קְרִיסְפּוּס אוּנְד גַאיוּס :

אז

15 אַז קֵיינֶער זָאל נִיט זָאגֶען אַז אִיךְ הָאבּ גֶעטוֹיפְט אִין מֵיין נָאמֶען:

16 אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ גֶעטוֹיפְט דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן סְטֶעפַאנוּס, וַויטֶער וַויים אִיךְ נִיט אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ נָאךְ אֵיין אַנְדֶערְן גֶעטוֹיפְט:

17 וָוארִין מָשִׁיחַ הָאט מִיךְ נִיט גֶעשִׁיקְט צוּ טוֹיפֶען. נֵייעֶרְט דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם צוּ פְּרֶעדִיגֶען, נִיט מִיט קְלוּגֶע רֵייד, אַז דָאס קְרֵייץ פוּן מָשִׁיחַ זָאל נִיט צוּ נִישְׁט וֶוערֶען:

18 וָוארִין דָאס וָוארְט פוּן דֶעם קְרֵייץ אִיז נַארִישְׁקֵייט צוּ דִיא וָואס וֶוערֶען פַארְלוֹירֶען, אָבֶּער צוּ אוּנְס וָואס וֶוערֶען גֶערֶעטֶעט אִיז עֶס דִיא מַאכְט פוּן גָאט:

19 וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, אִיךְ וֶועל פַארְשְׁטֶערֶען דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן דִיא קְלוּגֶען, אוּנְד דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד פוּן דִיא פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע וֶועל אִיךְ פֶערשֶׁעמֶען:

20 וְואוּ אִיז דֶער חָכָם? וְואוּ אִיז דֶער סוֹפֵר? וְואוּ אִיז דֶער שְׁטְרֵייטֶער פוּן דִיזֶער וֶועלְט? הָאט נִיט גָאט נַארִישׁ גֶעמַאכְט דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן דִיזֶער וֶועלְט?

21 וָוארִין וַוייל אִין דֶער קְלוּגְהֵייט פוּן גָאט הָאט דִיא וֶועלְט דוּרְךְ אִיהְרֶע קְלוּגְהֵייט נִיט גָאט גֶעקֶענְט, אַזוֹי אִיז עֶס גָאט גֶעפַאלֶען עֶר זָאל דוּרְךְ דֶער נַארִישְׁקֵייט פוּן פְּרֶעדִיגֶען מַצִיל זֵיין דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען:

22 וָוארִין דִיא יוּדֶען פְרֶעגֶען אוּם אֵיין צֵייכֶען, אוּנְד דִיא גְרִיכֶען זוּכֶען קְלוּגְהֵייט:

23 אָבֶּער מִיר פְּרֶעדִיגֶען מָשִׁיחַ דֶעם גֶעקְרֵייצִיגְטֶען, צוּ דִיא יוּדֶען אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג, אוּנְד צוּ דִיא גְרִיכֶען נַארִישְׁקֵייט:

24 אָבֶּער צוּ דִיא וָואס זֶענֶען בֶּערוּפֶען, יוּדֶען אוּנְד גְרִיכֶען, אִיז דֶער מָשִׁיחַ דִיא מַאכְט פוּן גָאט אוּנְד דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן גָאט:

25 וָוארִין דִיא נַארִישְׁקֵייט פוּן גָאט אִיז קְלוּגֶער וִויא דִיא מֶענְשֶׁען, אוּנְד דִיא שְׁוַואכְהֵייט פוּן גָאט אִיז שְׁטַארְקֶער וִויא דִיא מֶענְשֶׁען:

26 וָוארִין אִיהְר זֶעהְט, בְּרִידֶער, אֵיירֶע בֶּערוּפוּנְג, אַז נִיט פִילֶע קְלוּגֶע נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, נִיט פִילֶע מֶעכְטִיגֶע, נִיט פִילֶע עֶדֶעלֶע זֶענֶען בֶּערוּפֶען:

27 נֵייעֶרְט גָאט הָאט אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְט דִיא נַארִישְׁקֵייטֶען פוּן דֶער וֶועלְט, אַז עֶר זָאל פַארְשֶׁעמֶען דִיא קְלוּגֶע. אוּנְד דָאס שְׁוַואכֶע פוּן דֶער וֶועלְט הָאט גָאט אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְט, כְּדֵי עֶר זָאל פֶערְשֶׁעמֶען דִיא שְׁטַארְקֶע:

28 אוּנְד דָאס גֶעמֵיינֶע פוּן דֶער וֶועלְט, אוּנְד דָאס וָואס אִיז פַארְשֶׁעמְט הָאט גָאט אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְט, אוּנְד דָאס וָואס אִיז נִיט, כְּדֵי צוּ פַארְשְׁטֶערֶען דָאס וָואס אִיז:

29 אַז קֵיין בֶּעשֶׁעפֶנִיש זָאל זִיךְ פַאר אִיהְם נִיט בֶּערִיהְמֶען:

30 אוּנְד דוּרְךְ אִיהְם זֶענְט אִיהְר אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וָואס אִיז צוּ אוּנְס גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען פוּן גָאט, וַוייזְהֵייט, אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד הֵיילִיגְקֵייט אוּנְד אֵיינֶע אוֹיסְלֵייזוּנְג:

31 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, אַז דֶער וָואס רִיהְמְט זִיךְ, לָאז עֶר זִיךְ רִיהְמֶען אִין דֶעם הַאר גָאט:

## קאַפִּיטֶעל ב

1 אוּנְד וֶוען אִיךְ בִּין צוּ אֵייךְ גֶעקוּמֶען, בְּרִידֶער, בִּין אִיךְ נִיט גֶעקוּמֶען מִיט הוֹיכֶע רֵייד אָדֶער קְלוּגְהֵייט, כְּדֵי

איךְ

אִיךְ צוּ בֶּעווייזֶען דָאס גֶעהֵיימְנִיס פוּן גָאט :

2 וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיר פָּארְגֶענוּמֶען אַז אִיךְ זָאל צְווִישֶׁען אֵייךְ קֵיינֶע אַנְדֶערֶע זַאךְ נִיט ווִיסֶען, נֵייעֶרְט יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוּנְד אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט :

3 אוּנְד אִיךְ וַואר בֵּייא אֵייךְ מִיט שְׁוַואכְהֵייט, אוּנְד מִיט פוּרְכְט, אוּנְד מִיט גְרוֹיס צִיטֶערְנִיס :

4 אוּנְד מֵיינֶע רֵייד אוּנְד מֵיין פְּרֶעדִיגֶען וַואר נִיט מִיט אִיבֶּערֶערֶענְדִיגֶע ווֶערְטֶער פוּן מֶענְשׁלִיכֶער קְלוּגְהֵייט, נֵייעֶרְט מִיט דֶער בֶּעצֵייגוּנְג פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּנְד פוּן דֶער מַאכְט :

5 אַז אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען זָאל נִיט זֵיין אִין דֶער קְלוּגְהֵייט פוּן מֶענְשֶׁען, נֵייעֶרְט אִין דֶער מַאכְט פוּן גָאט :

6 אָבֶּער מִיר רֶעדֶען קְלוּגְהֵייט צְווִישֶׁען דִיא פָּאלְקָאמֶענֶע. דָאךְ נִיט דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן דִיזֶער ווֶעלְט, אוּנְד אוֹיךְ נִיט פוּן דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דִיזֶער ווֶעלְט וָואס ווֶערֶען פַארלוֹירֶען :

7 נֵייעֶרְט מִיר רֶעדֶען דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן גָאט אִין אֵיין גֶעהֵיימְנִיס, דִיא פַארְבָּארְגֶענֶע קְלוּגְהֵייט וָואס גָאט הָאט פוּן אֵייבִּיג אָן פַארָארְדֶענֶעט צוּ אוּנְזֶערֶער הֶערְלִיכְקֵייט :

8 וָואס קֵיינֶער פוּן דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דִיזֶער ווֶעלְט הָאט נִיט גֶעקֶענְט, וָוארִין ווֶען זֵייא הֶעטֶען עֶס גֶעקֶענְט, אַזוֹי הֶעטֶען זֵייא נִיט גֶעקְרֵייצִיגְט דֶעם הַאר פוּן הֶערְלִיכְקֵייט :

9 אָבֶּער ווִיא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, דָאס אוֹיג הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען אוּנְד דָאס אוֹיעֶר הָאט נִיט גֶעהֶערְט, אוּנְד עֶס אִיז נִיט אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם הַארְץ פוּן קֵיין מֶענְשׁ, וָואס גָאט הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר דִיא וָואס לִיבֶּען אִיהְם :

10 אָבֶּער גָאט הָאט עֶס צוּ אוּנְס אַנְטְפְּלֶעקְט דוּרְךְ זֵיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ. וָוארִין דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ פָּארְשְׁט אַלֶעס, אוֹיךְ דִיא טִיפֶע זַאכֶען פוּן גָאט :

11 וָוארִין ווֶעלְכֶער מֶענְשׁ פֶערְשְׁטֵייט מֶענְשְׁלִיכֶע זַאכֶען, אוֹיסְגֶענוּמֶען דֶער רוּחַ פוּן דֶעם מֶענְשׁ וָואס אִיז אִין אִיהְם. אַזוֹי פַארְשְׁטֵייט אוֹיךְ קֵיינֶער נִיט דִיא זַאכֶען פוּן גָאט, נֵייעֶרְט דֶער רוּחַ פוּן גָאט :

12 אוּנְד מִיר הָאבֶּען נִיט אַנְטְפַאנְגֶען דֶעם רוּחַ פוּן דֶער ווֶעלְט, נֵייעֶרְט דֶעם רוּחַ פוּן גָאט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען ווִיסֶען וָואס אִיז אוּנְס גֶעשֶׁענְקְט פוּן גָאט :

13 ווֶעלְכֶעס מִיר טְהוּן אוֹיךְ רֶעדֶען, נִיט מִיט דִיא רֵייד וָואס דִיא מֶענְשְׁלִיכֶע קְלוּגְהֵייט לֶעהְרְט, נֵייעֶרְט וָואס דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ לֶעהְרְט, אוּנְד מִיר פֶּערְגְלֵייכֶען גֵייסְטלִיכֶע זַאכֶען מִיט דִיא גֵייסְטלִיכֶע :

14 אָבֶּער דֶער נַאטִירְלִיכֶער מֶענְשׁ גֶעמְט נִיט אָן דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם רוּחַ פוּן גָאט, דֶען עֶס אִיז נַארִישְׁקֵייט צוּ אִיהְם, אוּנְד עֶר קֶען עֶס נִיט ווִיסֶען, וָוארִין עֶס מוּז גֵייסְטלִיךְ גֶערִיכְטֶעט ווֶערֶען :

15 אָבֶּער דֶער גֵייסְטלִיכֶער מֶענְשׁ רִיכְטֶעט אַלֶעס, אָבֶּער עֶר אַלֵיין ווֶעט פוּן קֵיינֶעם נִיט גֶערִיכְטֶעט :

16 וָוארִין ווֶער הָאט דֶערְקֶענְט דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן דֶעם הַאר, אַז עֶר זָאל אִיהְם אוּנְטֶערְווֵייזֶען ? אָבֶּער מִיר הָאבֶּען דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן מָשִׁיחַ :

## קַאפִּיטֶעל ג

1 אוּנְד אִיךְ, בְּרִידֶער, הָאבּ נִיט גֶעקֶענְט מִיט אֵייךְ רֶעדֶען ווִיא מִיט

גֵייסְטלִיכֶע לֵייט, נֵייעֶרְט וִויא מִיט נַאטִירְלִיכֶע, וִויא מִיט יוּנְגֶע קִינְדֶער אִין מָשִׁיחַ :

2 אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעשְׁפֵּייזְט מִיט מִילְךְ, אוּנְד נִיט מִיט עֶסֶענְוַוארְג ; וָוארִין אִיהְר הָאט עֶס נָאךְ נִיט גֶעקֶענְט פַארְטְרָאגֶען, אוּנְד אִיהְר קֶענְט עֶס אַצוּנְד אוֹיךְ נָאךְ נִיט :

3 וָוארִין אִיהְר זֶענְט נָאךְ נַאטִירְלִיךְ. וָוארִין וֶוען עֶס אִיז צְוִוישֶׁען אֵייךְ קִנְאָה אוּנְד גֶעצַאנְק, זֶענְט אִיהְר נִיט נַאטִירְלִיךְ, אוּנְד גֵייט אַרוּם וִויא מֶענְשֶׁען :

4 וָוארִין וֶוען אֵיינֶער זָאגְט, אִיךְ קֶעהְר צוּ פּוֹלוּס, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער, אִיךְ צוּ אַפָּאלָאס, זֶענְט אִיהְר נִיט נַאטִירְלִיךְ ?

5 וֶוער אִיז דֶען פּוֹלוּס, אוּנְד וֶוער אִיז אַפָּאלָאס, נֵייעֶרְט דִיא דִינֶערְס דוּרְךְ וֶועלְכֶע אִיהְר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט ? אוּנְד אִיטְלִיכֶער וִויא דֶער הַאר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען :

6 אִיךְ הָאבּ גֶעפְּלַאנְצְט, אוּנְד אַפָּאלָאס הָאט בֶּעגָאסֶען, אָבֶּער גָאט הָאט עֶס גֶעלָאזְט וַואקְסֶען :

7 דְרוּם דֶער וָואס פְּלַאנְצְט אִיז גָאר נִישְׁט, אוּנְד, דֶער וָואס בַּאגֶעצְט אִיז גָאר נִישְׁט, נֵייעֶרְט דֶער וָואס לָאזְט עֶס וַואקְסֶען :

8 אוּנְד דֶער וָואס פְּלַאנְצְט אוּנְד דֶער וָואס בַּאגֶעצְט זֶענֶען אֵיינְס, אוּנְד אִיטְלִיכֶער וֶועט זֵיין אֵייגֶענֶען לוֹין אַנְטפַאנְגֶען נָאךְ זֵיינֶע אַרְבֵּייט נָאךְ :

9 וָוארִין מִיר זֶענֶען מִיטהֶעלְפֶערְס פוּן גָאט, אִיהְר זֶענְט גָאטֶעס אַקֶער, אוּנְד גָאטֶעס גֶעבֵּיידֶע :

10 נָאךְ דֶער גְנָאד פוּן גָאט וָואס אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען, הָאבּ אִיךְ גֶעלֵייגְט דֶעם גְרוּנְד וִויא אֵיין קְלוּגֶער בּוֹימֵייסְטֶער, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער בּוֹיעֶט דְרוֹיף, אָבֶּער לָאז אִיטְלִיכֶער אַכְטוּנְג גֶעבֶּען וִויא עֶר בּוֹיעֶט דְרוֹיף :

11 וָוארִין קֵיין אַנְדֶערֶען גְרוּנְד קֶען קֵיינֶער נִיט לֵייגֶען חוּץ דֶעם וָואס אִיז גֶעלֵייגְט, וָואס אִיז יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ :

12 וֶוען אֵיינֶער בּוֹיעֶט אוֹיף דִיזֶען גְרוּנְד גָאלְד, זִילְבֶּער, טֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער, הָאלְץ, הֵייא, שְׁטָאפֶּעלְן :

13 אַזוֹי וֶועט דָאס וֶוערְק פוּן אִיטְלִיכֶען אַנְטפְּלֶעקְט וֶוערֶען. וָוארִין דֶער טָאג וֶועט עֶס קְלָאר מַאכֶען ; וָוארִין עֶס וֶועט דוּרְךְ פֵייעֶר אַנְטפְּלֶעקְט וֶוערֶען, אוּנְד דָאס פֵייעֶר וֶועט פְּרוּפֶען דָאס וֶוערְק פוּן אִיטְלִיכֶען וָואס פַאר אֵיינְס עֶס אִיז :

14 וֶוען דָאס וֶוערְק פוּן אֵיינֶעם וָואס עֶר הָאט גֶעבּוֹיעֶט וֶועט בְּלֵייבֶּען שְׁטֵיין, אַזוֹי וֶועט עֶר אַנְטפַאנְגֶען זֵיין לוֹין :

15 אוּנְד וֶוען דָאס וֶוערְק פוּן אֵיינֶעם וֶועט פַארבְּרֶענְט וֶוערֶען, אַזוֹי וֶועט עֶר שָׁאדֶען לֵיידֶען. אוּנְד עֶר זֶעלְבְּסְט וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען, אָבֶּער אַזוֹי וִויא דוּרְךְ פֵייעֶר :

16 וֵוייסְט אִיהְר נִיט אַז אִיהְר זֶענְט דֶער הֵיכָל פוּן גָאט, אוּנְד דֶער רוּחַ פוּן גָאט וְואוֹינְט אִין אֵייךְ ?

17 וֶוען אֵיינֶער פַארדַארְבְּט דֶעם הֵיכָל פוּן גָאט, אַזוֹי וֶועט אִיהְם גָאט פַארְדַארְבֶּען. וָוארִין דֶער הֵיכָל פוּן גָאט אִיז הֵיילִיג, אוּנְד אִיהְר זֶענְט דָאס :

18 לָאז זִיךְ קֵיינֶער נִיט נַארֶען. וֶוען אֵיינֶער פוּן אֵייךְ דֶענְקְט אַז עֶר אִיז קְלוּג אִין דִיזֶער וֶועלְט, לָאז עֶר וֶוערֶען אֵיין נַאר, כְּדֵי עֶר זָאל זֵיין קְלוּג :

19 וָוארִין דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן דִיזֶער וֶועלְט אִיז נַארִישְׁקֵייט בֵּייא גָאט ; וָוארִין

עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, עֶר הַאפְּט דִיא קְלוּגֶע אִין זֵייעֶרֶע שַׁאלְקְהַאפְּטִיגְקֵייט:

20 אוּנְד ווִידֶער, דֶער הַאר גָאט ווייסְט דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן דִיא קְלוּגֶע, אַז זֵייא זֶענֶען הֶבֶל:

21 דְרוּם לָאז זִיךְ קֵיינֶער נִיט רִיהְמֶען מִיט מֶענְשֶׁען, ווָארִין אַלֶעס אִיז אֵייעֶרְס:

22 אוֹיבּ עֶס אִיז פּוֹלוֹס, אָדֶער אַפָּאלָאס, אָדֶער קֶעפַאס, אָדֶער דִיא ווֶעלְט, אָדֶער לֶעבֶּען, אָדֶער טוֹיט, אָדֶער אַצוּנְדִיגֶע זַאכֶען, אָדֶער זַאכֶען ווָאס ווֶעלֶען קוּמֶען, אַלֶעס אִיז אֵייעֶרְס:

23 אוּנְד אִיהְר קֶעהֶרְט צוּ מָשִׁיחַ, אוּנְד דֶער מָשִׁיחַ אִיז גָאטֶעס:

## קאפּיטעל ד

1 לָאז אוּנְס אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ אַזוֹי הַאלְטֶען, ווִיא דִיא דִינֶערְס פוּן דֶעם מָשִׁיחַ, אוּנְד פֶערְוַואלְטֶערְס פוּן דִיא גֶעהֵיימְנִיסֶע פוּן גָאט:

2 אוּנְד ווייטֶער, מֶען זוּכְט אִין פֶערְ־ווַאלְטֶערְס, אַז זֵייא זָאלֶען גֶעטְרֵייא גֶעפוּנֶען ווֶערֶען:

3 אָבֶּער מִיר אִיז עֶס אֵיינֶע קְלֵיינִיגְ־קֵייט אַז אִיךְ זָאל בֵּייא אֵייךְ גֶערִיכְטֶעט ווֶערֶען, אָדֶער בֵּייא אֵיין מֶענְשְׁלִיכֶער מֵיינוּנְג. אוּנְד אִיךְ טְהוּא מִיךְ זֶעלְבְּסְט אוֹיךְ נִיט רִיכְטֶען:

4 ווָארִין אִיךְ ווייס קֵיין זַאךְ נִיט פוּן מִיר זֶעלְבְּסְט, אָבֶּער אִיךְ בִּין אִין דִיזֶען נִיט גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט. ווָארִין עֶס אִיז דֶער הַאר ווָאס טְהוּט מִיךְ רִיכְטֶען:

5 דְרוּם זָאלְט אִיהְר נִיט רִיכְטֶען פַאר דֶער צֵייט, בִּיז דֶער הַאר ווֶעט קוּמֶען, ווָאס ווֶעט אוֹיךְ צוּם לִיכְט בְּרִינְגֶען ווָאס אִיז פַארְבָּארְגֶען אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד ווֶעט אַנְטְפְּלֶעקֶען דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן דִיא הֶערְצֶער. אוּנְד דֶענְסְמָאלְט ווֶעט אִיטְלִיכֶער הָאבֶּען אֵיין לוֹיבּ פוּן גָאט:

6 אוּנְד דִיזֶעס, בְּרִידֶער, הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט אִין אֵיין מָשָׁל אוֹיף מִיר אוּנְד אַפַּאלָאס פוּן אֵייעֶרְט ווֶעגֶען, אַז אִיהְר זָאלְט פוּן אוּנְס לֶערְנֶען נִיט הֶעכֶער צוּ דֶענְקֶען ווִיא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּנְד אַז קֵיינֶער פוּן אֵייךְ זָאל זִיךְ נִיט אוֹיפְבְּלָאזֶען קֶעגֶען אֵיין אַנְדֶערֶען:

7 ווָארִין ווֶער הָאט דִיךְ אָפְּגֶעשֵׁיידֶעט פוּן אֵיין אַנְדֶערֶען? אוּנְד ווָאס הָאסְט דוּא ווָאס דוּא הָאסְט נִיט אַנְטפַאנְגֶען? אוּנְד ווֶען דוּא הָאסְט עֶס אַנְטפַאנְגֶען, ווָארוּם רִיהְמְסְט דוּא דִיךְ גְלֵייךְ דוּא הָאסְט עֶס נִיט אַנְטפַאנְגֶען?

8 אִיהְר זֶענְט שׁוֹין זַאט גֶעווָארֶען, אִיהְר זֶענְט שׁוֹין רֵייךְ גֶעווָארֶען, אִיהְר הָאט גֶעהֶערְשְׁט אִיבֶּער אוּנְס. אוּנְד הַלְוַאי הֶעט אִיהְר גֶעהֶערְשְׁט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען אוֹיךְ מִיט אֵייךְ צוּזַאמֶען הֶערְשֶׁען:

9 ווָארִין אִיךְ דֶענְק אַז גָאט הָאט אוּנְס, דִיא אַפָּאסְטֶעלְס, פַארְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא לֶעצְטֶע ווִיא צוּם טוֹיט אִיבֶּערְגֶעגֶ־גֶעבֶּען; ווָארִין מִיר זֶענֶען גֶעווָארֶען אֵיין גֶעזִיכְט צוּ דֶער ווֶעלְט, אוּנְד צוּ מַלְאָכִים, אוּנְד צוּ מֶענְשֶׁען:

10 מִיר זֶענֶען נַארֶען ווֶעגֶען מָשִׁיחַ, אָבֶּער אִיהְר זֶענְט קְלוּג אִין מָשִׁיחַ. מִיר זֶענֶען שְׁוַואךְ, אָבֶּער אִיהְר זֶענְט שְׁטַארְק. אִיהְר זֶענְט גֶעעֶהְרְט, אָבֶּער מִיר זֶענֶען פַארְשֶׁעמְט:

11 בִּיז צוּ דִיזֶער שָׁעָה לֵיידֶען מִיר הוּנְגֶער אוּנְד דוּרְשְׁט, אוּנְד זֶענֶען נַא־קֶעט, אוּנְד ווֶערֶען גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד זֶענֶען נָע וָנָד:

12 אוּנְד מִיר אַרְבֵּייטֶען אוּנְד ווֶערְקֶען מִיט אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע הֶענְד. מִיר

ווערען

וָוערֶען גֶעשָׁאלְטֶען, אוּנְד מִיר בֶּענְשֶׁען. מִיר וָוערֶען גֶעיָאגְט, אוּנְד מִיר לֵייךְ־דֶען עֶס:

13 מִיר וָוערֶען גֶעלֶעסְטֶערְט, אוּנְד מִיר בֶּעטֶען. מִיר זֶענֶען גֶעוָוארֶען וִויא דֶער אוֹיסְוָוארְף פוּן דֶער וֶועלְט, דָאס מִיסְט פוּן אַלֶע בִּיז צוּ דִיזֶער צַייט:

14 אִיךְ שְׁרֵייבּ נִיט דִיזֶעס אוּם אֵייךְ צוּ פַארְשֶׁעמֶען, נֵייעֶרְט אִיךְ שְׁטְרָאף אֵייךְ וִויא מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע קִינְדֶער:

15 וָוארִין וִויא וְואוֹיל אִיהְר הָאט צֶעהְן טוֹיזֶענְד לֶעהְרֶערְס אִין מָשִׁיחַ, הָאט אִיהְר דָאךְ נִיט פִילֶע פֶעטֶער. וָוארִין אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעווִינֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, דוּרְךְ דֶעם עֶוואַנְגֶעלִיוּם:

16 דְרוּם בֶּעט אִיךְ אֵייךְ, זַייט מֵיינֶע נָאכְפָאלְגֶערְס:

17 דָארוּם הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט טִימוֹטֶעאוּס, וָואס אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן אוּנְד גֶעטְרֵייא אִין דֶעם הַאר, וֶועלְכֶער וֶועט אֵייךְ דֶערְמָאנֶען אָן מֵיינֶע וֶועגֶען אִין מָשִׁיחַ, אַזוֹי וִויא אִיךְ לֶעהְר אִין אַלֶע עֶרְטֶער אוּנְד אִין אַלֶע גֶע־מֵיינְדֶען:

18 עֶטְלִיכֶע זֶענֶען אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען גְלֵייךְ וִויא אִיךְ הֶעט נִיט גֶעוָואלְט צוּ אֵייךְ קוּמֶען:

19 אָבֶּער אִיךְ וֶועל בַּאלְד צוּ אֵייךְ קוּמֶען, וֶוען דֶער הַאר וִויל, אוּנְד אִיךְ וֶועל קֶענֶען, נִיט דִיא רֵייד פוּן דִיא וָואס זֶענֶען אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען, נֵייעֶרְט דִיא מַאכְט:

20 וָוארִין דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז נִיט אִין רֵייד, נֵייעֶרְט אִין מַאכְט:

21 וָואס ווִילְט אִיהְר? זָאל אִיךְ צוּ אֵייךְ קוּמֶען מִיט אַ רוּט, אָדֶער מִיט לִיבְּ־שַׁאפְט אוּנְד אֵיין זַאנְפְטמוּטִיגֶען גֵייסְט?

## קאפּיטעל ה

1 עֶס הֶערְט זִיךְ אִיבֶּערַאל אַז עֶס אִיז זְנוּת צְווִישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד זָאלְכֶעס זְנוּת וָואס אִיז אַפִּילוּ נִיט דֶערְהֶערְט צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם, אַז אֵיינֶער זָאל הָאבֶּען זֵיין פָאטֶערְס וַוייבּ:

2 אוּנְד אִיהְר זֶענְט אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען, אוּנְד הָאט נִיט גֶעטְרוֹיעֶרְט דָאס דֶער וָואס הָאט דִיזֶע זַאךְ גֶעטְהוּן זָאל אַוֶועקְ־גֶענוּמֶען וָוערֶען פוּן צְווִישֶׁען אֵייךְ:

3 וָוארִין אִיךְ, וָואס אִיךְ בִּין וַוייט פוּן אֵייךְ אִין דֶעם לֵייבּ אָבֶּער מִיט אֵייךְ אִים גֵייסְט, הָאבּ שׁוֹין גֶעמִשְׁפָּט גְלֵייךְ וִויא אִיךְ הֶעט בֵּייא אֵייךְ גֶעוֶועזֶען, וֶועגֶען דֶעם וָואס הָאט אֵיינֶע זָאלְכֶע זַאךְ גֶעטְהוּן:

4 אִין דֶעם נָאמֶען פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וֶוען אִיהְר זֶענְט פֶערְ־זַאמֶעלְט אוּנְד מֵיין גֵייסְט, מִיט דֶער מַאכְט פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:

5 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אֵיין זָאלְכֶען אִיבֶּערְ־גֶעבֶּען צוּם שָׂטָן כְּדֵי דָאס פְלֵיישׁ צוּ פֶערְדַארְבֶּען, אַז דֶער גֵייסְט זָאל גֶע־רֶעטֶעט וָוערֶען אִין דֶעם טָאג פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ:

6 אֵייעֶר בֶּערִיהְמֶען אִיז נִיט גוּט. ווֵייסְט אִיהְר נִיט אַז אֵיין קְלֵיין שְׁטִיקֶעל זוֹיעֶרְ־טֵייג (חָמֵץ) זֵייעֶרְט דֶען גַאנְצֶען טֵייג?

7 דְרוּם רֵיינִיגְט אוֹיס דָאס אַלְטֶע זוֹיעֶרְטֵייג (חָמֵץ), כְּדֵי אִיהְר זָאלְט זֵיין אֵיין נֵייעֶר טֵייג אַזוֹי וִויא אִיהְר זֶענְט אוּמְגֶעזֵייעֶרְט; וָוארִין מָשִׁיחַ אוּנְזֶער קָרְבָּן פֶּסַח אִיז פַאר אוּנְס גֶעשְׁטָארְבֶּען:

8 דָארוּם לָאזֶען מִיר דָאס פֶעסְט הַאלְ־טֶען, נִיט מִיט דֶעם אַלְטֶען זוֹיעֶרְטֵייג, אוּנְד אוֹיךְ נִיט מִיט דֶעם זוֹיעֶרְטֵייג פוּן בּוֹיזְהֵייט אוּנְד שַׁאלְקְהֵייט, נֵייעֶרְט מִיט

דעם

דֶעם אוּמְגֶעזֻייעֶרְטֶען בְּרוֹיט (מַצּוֹת) פוּן לוֹיטֶערְקַייט אוּנְד וָוארְהֵייט:

9 אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען אִין אֵיין בְּרִיף אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט מִישֶׁען מִיט הוּרֶען־טְרֵייבֶּערְס:

10 דָאךְ נִיט אִים גַאנְצֶען מִיט דִיא הוּרֶען־טְרֵייבֶּערְס פוּן דִיזֶער וֶועלְט, אָדֶער מִיט דִיא גֵייצִיגֶע, אָדֶער רֵייבֶּערְס, אָדֶער דִיא וָואס דִינֶען אָפְּגֶעטֶער. וָוארִין זוּנְסְט מוּסְט אִיהְר פוּן דֶער וֶועלְט אַרוֹיסְגֵיין:

11 אָבֶּער אַצוּנְד הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען אִיהְר זָאלְט נִיט זֵיין חַבֵרִים, וֶוען אֵיינֶער וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען אֵיין בְּרוּדֶער וֶועט זֵיין אֵיין הוּרֶען־טְרֵייבֶּער, אָדֶער אֵיין גֵייצִיגֶער, אָדֶער אֵיין דִינֶער פוּן אָפְּגֶעטֶער, אָדֶער אַיין לֶעסְטֶערֶער, אָדֶער אֵיין זוֹיפֶער, אָדֶער אֵיין רֵייבֶּער. מִיט זָאלְכֶע זָאלְט אִיהְר אוֹיךְ נִיט אַמָאל עֶסֶען:

12 וָוארִין וָואס הָאבּ אִיךְ נָאךְ צוּ רִיכְטֶען דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דְרוֹיסֶען? טְהוּט אִיהְר דֶען נִיט רִיכְטֶען דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דְרִינֶען?

13 אָבֶּער דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דְרוֹיסֶען טְהוּט גָאט רִיכְטֶען. דְרוּם רוֹימְט אוֹיס דָאס בֵּייזֶע פוּן צְווִישֶׁען אֵייךְ:

## קאפיטעל ו

1 קֶען זִיךְ אֵיינֶער פוּן אֵייךְ אוּנְטֶערְשְׁטֵיין, וֶוען עֶר הָאט עֶפֶּעס אֵיין זַאךְ קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערֶען, עֶר זָאל צוּם גֶערִיכְט גֵיין בֵּייא דִיא אוּמְגֶערֶעכְטֶע אוּנְד נִיט בֵּייא דִיא הֵיילִיגֶע?

2 וֵוייסְט אִיהְר נִיט אַז דִיא הֵיילִיגֶע וֶועלֶען רִיכְטֶען דִיא וֶועלְט? אוּנְד וֶוען דִיא וֶועלְט וֶועט בֵּייא אֵייךְ גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען, זֶענְט אִיר נִיט וֶוערְט צוּ רִיכְטֶען דִיא קְלֵיינְסְטֶע זַאכֶען פוּן דִיזֶער וֶועלְט?

3 וֵוייסְט אִיהְר נִיט אַז מִיר וֶועלֶען רִיכְטֶען מַלְאָכִים? וִויא פִיל מֶעהְר דִיא זַאכֶען פוּן דִיזֶער וֶועלְט:

4 דְרוּם וֶוען אִיהְר הָאט מִשְׁפָּטִים וֶועגֶען זַאכֶען פוּן דִיזֶער וֶועלְט, אַזוֹי זֶעצְט דִיא וָואס זֶענֶען צוּם וֶוענִיגְסְטֶען אָנְגֶעזֶעהֶען אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע אַז זֵייא זָאלֶען רִיכְטֶען:

5 אִיךְ זָאג דָאס צוּ אֵייעֶר שַׁאנְד. אִיז דֶען נִיט פֶערְהַאנֶען אֵיין קְלוּגֶער צְווִישֶׁען אֵייךְ? נִיט אַמָאל אֵיינֶער וָואס זָאל קֶענֶען רִיכְטֶען צְווִישֶׁען זֵיינֶע בְּרִידֶער:

6 נֵייעֶרְט אֵיין בְּרוּדֶער קְרִיגְט זִיךְ מִיט דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד דָאס פַאר אוּמְגְלֵייבִּיגֶע:

7 עֶס אִיז שׁוֹין אִים גַאנְצֶען אֵיין פֶעהְלֶער אִין אֵייךְ, דָאס אִיהְר הָאט מִשְׁפָּטִים אוּנְטֶער אַנַאנְדֶער. וָוארוּם טְהוּט אִיהְר נִיט בֶּעסֶער אוּמְרֶעכְט לֵיידֶען? וָוארוּם לָאזְט אִיהְר אֵייךְ נִיט בֶּעסֶער בֶּערוֹיבֶּען?

8 אָבֶּער אִיהְר טְהוּט אוּמְרֶעכְט אוּנְד בֶּערוֹיבְּט, אוּנְד דָאס צוּ אֵיירֶע בְּרִידֶער:

9 וֵוייסְט אִיהְר דֶען נִיט אַז דִיא אוּמְגֶערֶעכְטֶע וֶועלֶען נִיט עֶרְבֶּען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט? לָאזְט אֵייךְ נִיט פַארְפִיהְרֶען. קֵיינֶע הוּרֶען־טְרֵייבֶּערְס, אוּנְד קֵיינֶע דִינֶערְס פוּן אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד קֵיינֶע אוּמְקֵיישֶׁערְס, אוּנְד קֵיינֶע הוּרֶען, אוּנְד קֵיינֶער דֶער בֵּייא אֵיין אַנְדֶערֶען מַאן לִיגְט:

10 אוּנְד קֵיינֶע גַנָבִים, אוּנְד קֵיינֶע גֵייצִיגֶע, אוּנְד קֵיינֶע זוֹיפֶערְס, אוּנְד קֵיינֶע לֶעסְטֶערֶערְס, אוּנְד קֵיינֶע רֵייבֶּערְס וֶועלֶען נִיט עֶרְבֶּען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט:

11 אוּנְד זָאלְכֶע זֶענֶען עֶטְלִיכֶע פוּן אֵייךְ גֶעוֶועזֶען. אָבֶּער אִיהְר זֶענְט

אָפְּגֶעוואַשֶׁען, אִיהְר זֶענְט גֶעהֵיילִיגְט, אִיהְר זֶענְט גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְד בֵּייא דֶעם רוּחַ פוּן אוּנְזֶער גָאט׃

12 עֶס אִיז מִיר אַלֶעס דֶערְלוֹיבְּט, אָבֶּער נִיט אַלֶעס אִיז גוּט פַאר מִיר. אַלֶעס אִיז מִיר דֶערְלוֹיבְּט, אָבֶּער אִיךְ וִויל נִיט זַיין אוּנְטֶער דֶער מַאכְט פוּן קֵיינֶע זַאךְ׃

13 דָאס עֶסֶען פַאר דֶעם בּוֹיךְ, אוּנְד דֶער בּוֹיךְ צוּם עֶסֶען. אָבֶּער גָאט וֶועט בֵּיידֶע צֶערְשְׁטֶערֶען. אוּנְד דֶער לֵייבּ אִיז נִיט צוּ זְנוּת, נֵייעֶרְט צוּם הַאר, אוּנְד דֶער הַאר צוּ דֶעם לֵייבּ׃

14 אוּנְד גָאט הָאט דֶעם הַאר אוֹיפְגֶעוֶועקְט, אוּנְד וֶועט אוּנְס אוֹיךְ אוֹיפְוֶועקֶען דוּרְךְ זַיינֶע מַאכְט׃

15 ווייסְט אִיהְר נִיט אַז אֵיירֶע לֵייבֶּער זֶענֶען דִיא גְלִידֶער פוּן דֶעם מָשִׁיחַ? זָאל אִיךְ דֶען נֶעמֶען דִיא גְלִידֶער פוּן מָשִׁיחַ אוּנְד זָאל זֵייא מַאכֶען דִיא גְלִידֶער פוּן אֵיינֶע הוּרֶע? חָלִילָה׃

16 ווייסְט אִיהְר דֶען נִיט אַז וֶוער עֶס אִיז בֶּעהֶעפְט צוּ אֵיינֶע הוּרֶע, דֶער אִיז אֵיין לֵייבּ מִיט אִיהְר? וָוארִין עֶר זָאגְט, זֵייא וֶועלֶען בֵּיידֶע זַיין אֵיין פְלֵייש׃

17 אָבֶּער דֶער וָואס אִיז בֶּעהֶעפְט צוּם הַאר, דֶער אִיז אֵיין גֵייסְט מִיט אִיהְם׃

18 פְלִיהְט פוּן זְנוּת. אִיטְלִיכֶע זִינְד וָואס דֶער מֶענְשׁ טְהוּט, אִיז אוֹיסֶער דֶעם לֵייבּ; אָבֶּער דֶער וָואס אִיז מְזַנֶה, זִינְדִיגְט קֶעגֶען זַיין אֵייגֶענֶעם לֵייבּ׃

19 אוּנְד ווייסְט אִיהְר דֶען נִיט אַז אֵייעֶר לֵייבּ אִיז דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וָואס אִיז אִין אֵייךְ, וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט פוּן גָאט, אוּנְד אִיהְר זֶענְט נִיט אֵייעֶר אֵייגֶען?

20 וָוארִין אִיהְר זֶענְט אָפְּגֶעקוֹיפְט פַאר אֵיין פְּרֵייז. דְרוּם פֶערְהֶערְלִיכְט גָאט אִין אֵייעֶר לֵייבּ אוּנְד אִין אֵייעֶר גֵייסְט, וָואס זֶענֶען גָאטֶעס׃

קַאפִּיטֶעל ז

1 אוּנְד וֶועגֶען דִיא זַאכֶען וָואס אִיהְר הָאט צוּ מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען, עֶס אִיז גוּט פַאר אֵיין מֶענְשׁ קֵיין ווייבּ נִיט אָנְצוּרִירֶען׃

2 אָבֶּער פוּן וֶועגֶען זְנוּת לָאז אִיטְלִיכֶער הָאבֶּען זַיין אֵייגֶען ווייבּ, אוּנְד לָאז אִיטְלִיכֶע פְרוֹיא הָאבֶּען אִיהְר אֵייגֶענֶעם מַאן׃

3 לָאז דֶער מַאן אָפְּגֶעבֶּען צוּם ווייבּ דִיא שׁוּלְדִיגֶע פְרֵיינְדְשַׁאפְט, אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דָאס ווייבּ צוּם מַאן׃

4 דָאס ווייבּ הָאט נִיט קֵיינֶע מַאכְט אִיבֶּער אִיהְר אֵייגֶענֶעם לֵייבּ, נֵייעֶרְט דֶער מַאן. אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ הָאט דֶער מַאן קֵיינֶע מַאכְט נִיט אִיבֶּער זַיין לֵייבּ, נֵייעֶרְט דָאס ווייבּ׃

5 בֶּערוֹיבְּט אֵייךְ נִיט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען, נֵייעֶרְט פוּן אֵייעֶר גוּטֶען ווילֶען פַאר אֵיינֶע צֵייט, אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ אָפְּגֶעבֶּען מִיט פַאסְטֶען אוּנְד גֶעבֶּעט. אוּנְד קוּמְט אֵייךְ ווידֶער צוּזַאמֶען, אַז דֶער שָׂטָן זָאל אֵייךְ נִיט פְּרוּפֶען דוּרְךְ אֵיירֶע אוּמְקֵיישְׁהֵייט׃

6 אוּנְד דָאס זָאג אִיךְ מִיט דֶערְלוֹיבֶּענִיס, נִיט ווִיא אֵיין בֶּעפֶעהְל׃

8 וָוארִין אִיךְ וִויל אַז אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ זָאל זַיין וִויא אִיךְ זֶעלְבְּסְט. אָבֶּער אִיטְלִיכֶער הָאט זַיינֶע גָאבּ פוּן גָאט, אֵיינֶער אַזוֹי, אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער אַזוֹי׃

8 אָבֶּער אִיךְ זָאג צוּ דִיא וָואס זֶענֶען נִיט פַארְהֵייראַטֶעט אוּנְד צוּ דִיא

אַלְמָנוֹת, עֶס אִיז גוּט פַאר זַייא וֶוען זַייא בְּלֵייבֶּען אַזוֹי וִויא אִיךְ׃

9 אָבֶּער וֶוען זַייא קֶענֶען זִיךְ נִיט אֵיינְהַאלְטֶען לָאזֶען זַייא הֵיירַאטֶען. וָוארִין עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ הֵיירַאטֶען אֵיידֶער צוּ בְּרֶענֶען׃

10 אוּנְד צוּ דִיא וָואס זֶענֶען פַארְהֵיירַאטֶעט גֶעבִּיט אִיךְ, דָאךְ נִיט אִיךְ, נֵייעֶרְט דֶער הַאר, אַז קֵיינֶע פְרוֹיא זָאל זִיךְ נִיט שֵׁיידֶען פוּן דֶעם מַאן׃

11 אוּנְד וֶוען זִיא אִיז אוֹיךְ גֶעשֵׁיידֶעט, לָאז זִיא בְּלֵייבֶּען אוּמְפֶערְהֵיירַאטֶעט, אָדֶער לָאז זִיא זִיךְ אִיבֶּערְבֶּעטֶען מִיט אִיהְר מַאן. אוּנְד קֵיין מַאן זָאל נִיט זַיין וַוייבּ אַוֶועקְשִׁיקֶען׃

12 אוּנְד צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע זָאג אִיךְ, נִיט דֶער הַאר, וֶוען אֵיין בְּרוּדֶער הָאט אֵיין וַוייבּ וָואס גְלוֹיבְּט נִיט, אוּנְד עֶס גֶעפֶעלְט אִיהְר מִיט אִיהְם צוּ וְואוֹינֶען, לָאז עֶר זִיא נִיט אַוֶועקְשִׁיקֶען׃

13 אוּנְד וֶוען אֵיינֶע פְרוֹיא הָאט אֵיין מַאן וָואס גְלוֹיבְּט נִיט, אוּנְד עֶס גֶעפֶעלְט אִיהְם מִיט אִיהְר צוּ וְואוֹינֶען, לָאז זִיא אִיהְם נִיט פֶערְלָאזֶען׃

14 וָוארִין דֶער מַאן וָואס גְלוֹיבְּט נִיט וֶוערְט גֶעהֵיילִיגְט דוּרְךְ דִיא פְרוֹיא, אוּנְד דִיא פְרוֹיא וָואס גְלוֹיבְּט נִיט וֶוערְט גֶעהֵיילִיגְט דוּרְךְ דֶעם מַאן. וָוארִין זוּנְסְט זֶענֶען אֵיירֶע קִינְדֶער אוּמְרֵיין. אָבֶּער אַצוּנְד זֶענֶען זַייא הֵיילִיג׃

15 אָבֶּער וֶוען דֶער וָואס גְלוֹיבְּט נִיט טְהוּט זִיךְ אָפְּשֵׁיידֶען, לָאז עֶר זִיךְ אָפְּשֵׁיידֶען. דֶער בְּרוּדֶער אָדֶער דִיא שְׁוֶועסְטֶער אִיז נִיט גֶעבּוּנְדֶען אִין אַ זָאלְכֶען פַאל, אוּנְד גָאט הָאט אוּנְס בֶּערוּפֶען צוּ פְרִידֶען׃

16 וָוארִין וִויא וֵוייסְט דוּא, אוֹי וַוייבּ, אוֹיבּ דוּא וֶועסְט דַיין מַאן זֶעלִיג מַאכֶען? אָדֶער וִויא וֵוייסְט דוּא, אוֹי מַאן, אוֹיבּ דוּא וֶועסְט דַיין וַוייבּ זֶעלִיג מַאכֶען?

17 אָבֶּער אַזוֹי וִויא גָאט הָאט אָפְּגֶעטֵיילְט צוּ אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ, אַזוֹי וִויא דֶער הַאר הָאט אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ בֶּערוּפֶען, אַזוֹי לָאז עֶר וַואנְדְלֶען. אוּנְד אַזוֹי גֶעבִּיט אִיךְ אִין אַלֶע גֶעמֵיינְדֶען׃

18 וֶוען אֵיין בֶּעשְׁנִיטֶענֶער אִיז בֶּערוּפֶען, לָאז עֶר נִיט וֶוערֶען אֵיין עָרֵל. אוּנְד וֶוען אֵיין עָרֵל אִיז בֶּערוּפֶען, לָאז עֶר נִיט בֶּעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען׃

19 דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג אִיז גָאר נִישְׁט, אוּנְד דִיא עָרְלָה אִיז גָאר נִישְׁט, נֵייעֶרְט דָאס הִיטֶען פוּן גָאטֶעס גֶעבָּאט׃

20 לָאז אִיטְלִיכֶער בְּלֵייבֶּען אִין דֶער בֶּערוּפוּנְג אִין וֶועלְכֶער עֶר וַואר בֶּערוּפֶען׃

21 בִּיסְט דוּא בֶּערוּפֶען אֵיין קְנֶעכְט? אַזוֹי בֶּעזָארְג דִיךְ נִיט. אָבֶּער וֶוען דוּא קֶענְסְט פְרֵייא וֶוערֶען, טְהוּא עֶס בֶּעסֶער בֶּענוּצֶען׃

22 וָוארִין דֶער וָואס אִיז בֶּערוּפֶען אִין דֶעם הַאר אֵיין קְנֶעכְט, דֶער אִיז אֵיין בֶּעפְרֵייטֶער אִין דֶעם הַאר. אַזוֹי אוֹיךְ דֶער וָואס אִיז בֶּערוּפֶען אֵיין בֶּעפְרֵייטֶער, אִיז אֵיין קְנֶעכְט פוּן מָשִׁיחַ׃

23 אִיהְר זֶענְט אָפְּגֶעקוֹיפְט מִיט אֵיין פְּרֵייז. זַייט נִיט דִיא קְנֶעכְט פוּן מֶענְשֶׁען׃

24 בְּרִידֶער, לָאז אִיטְלִיכֶער בְּלֵייבֶּען בֵּייא גָאט אִין דֶעם וָואס עֶר אִיז בֶּערוּפֶען׃

25 אוּנְד וֶועגֶען יוּנְגְפְרוֹיעֶן הָאבּ אִיךְ קֵיין בֶּעפֶעל נִיט פוּן דֶעם הַאר. אָבֶּער אִיךְ גִיבּ מֵיינֶע מֵיינוּנְג, אַזוֹי וִויא אֵיינֶער וָואס הָאט דֶערְהַאלְטֶען גְנָאד

פוּן דֶעם הַאר טְרֵייא צוּ זַיין:

26 דְרוּם מֵיין אִיךְ אַז דָאס אִיז גוּט וֶועגֶען דֶער צָרָה וָואס אִיז אַצוּנְד, אִיךְ זָאג אַז עֶס אִיז גוּט פַאר אֵיין מֶענְשׁ אַזוֹי צוּ זַיין:

27 בִּיסְט דוּא גֶעבּוּנְדֶען צוּ אֵיין וַוייבּ, אַזוֹי זוּךְ נִיט לוֹיז צוּ וֶוערֶען. בִּיסְט דוּא לוֹיז פוּן אֵיין וַוייבּ, זוּךְ נִיט קֵיין וַוייבּ:

28 אוּנְד וֶוען דוּא טְהוּסְט יוֹא הֵייראַטֶען, אַזוֹי הָאסְט דוּא נִיט גֶעזִינְדִיגְט. אוּנְד וֶוען אֵיינֶע יוּנְגפְרוֹיא טְהוּט הֵייראַטֶען, אַזוֹי הָאט זִיא נִיט גֶעזִינְדִיגְט. אָבֶּער זָאלְכֶע וֶועלֶען הָאבֶּען לֵיידֶען אִין דֶעם פְלֵיישׁ. אָבֶּער אִיךְ טְהוּא אֵייךְ פֶערְשׁוֹינֶען:

29 אוּנְד דָאס זָאג אִיךְ, בְּרִידֶער, דִיא צַייט אִיז קוּרְץ. אוּנְד וַוייטֶער, דִיא וָואס הָאבֶּען וַוייבֶּער, לָאזֶען זַייא זַיין גְלֵייךְ וִויא זַייא הֶעטֶען נִיט גֶעהַאט:

30 אוּנְד דִיא וָואס וַויינֶען גְלֵייךְ וִויא זַייא הֶעטֶען נִיט גֶעוַויינְט. אוּנְד דִיא וָואס פְרֵייעֶן זִיךְ, גְלֵייךְ וִויא זַייא הֶעטֶען זִיךְ נִיט גֶעפְרֵייט. אוּנְד דִיא וָואס קוֹיפֶען, גְלֵייךְ וִויא זַייא הֶעטֶען עֶס נִיט בֶּעזֶעסֶען:

31 אוּנְד דִיא וָואס בֶּענוּצֶען דִיזֶע וֶועלְט, גְלֵייךְ וִויא זַייא הֶעטֶען זִיא נִיט בֶּענוּצְט. וָוארִין דֶער סֵדֶר פוּן דִיזֶער וֶועלְט פַארְגֵייט:

32 אוּנְד אִיךְ וִויל הָאבֶּען אַז אִיהְר זָאלְט נִיט בֶּעזָארְגְט זַיין. דֶער וָואס אִיז נִיט פֶערְהֵייראַטֶעט, זָארְגְט פַאר דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם הַאר, וִויא אַזוֹי עֶר זָאל דֶעם הַאר צוּ גֶעפַאלֶען טְהוּן:

33 אָבֶּער דֶער וָואס אִיז פֶערְהֵייראַטֶעט, זָארְגְט פַאר דִיא זַאכֶען פוּן דֶער וֶועלְט, וִויא אַזוֹי עֶר זָאל דֶעם וַוייבּ צוּ גֶעפַאלֶען טְהוּן:

34 עֶס אִיז אוֹיךְ אֵיין חִילוּק צְוִוישֶׁען אֵיין וַוייבּ אוּנְד אֵיינֶע יוּנְגפְרוֹיא. דִיא וָואס אִיז נִיט פֶערְהֵייראַטֶעט זָארְגְט פַאר דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם הַאר, אַז זִיא זָאל זַיין הֵיילִיג אִין דֶעם לֵייבּ אוּנְד אִין דֶעם גֵייסְט. אָבֶּער דִיא וָואס אִיז פֶערְהֵייראַטֶעט זָארְגְט פַאר דִיא זַאכֶען פוּן דֶער וֶועלְט, וִויא אַזוֹי זִיא זָאל דֶעם מַאן צוּ גֶעפַאלֶען טְהוּן:

35 אוּנְד דָאס זָאג אִיךְ אֵייךְ צוּ אֵייעֶר אֵייגֶענֶעם נוּצֶען, נִיט אוּם אֵייךְ אֵיינֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פָארְצוּלֵייגֶען, נֵייעֶרְט צוּ אֵייעֶר כָּבוֹד, אוּנְד דָאס אִיהְר זָאלְט דֶעם הַאר דִינֶען אָהְן הִינְדֶערְנִיס:

36 אָבֶּער וֶוען אֵיינֶער דֶענְקְט אַז עֶר טְהוּט אֵיינֶע בּוּשָׁה צוּ זַיינֶע יוּנְגפְרוֹיא, וֶוען זִיא אִיז שׁוֹין אוֹיף אִיהְר עֶלְטֶער, אוּנְד עֶס קֶעהְר אַזוֹי צוּ זַיין, אַזוֹי לָאז עֶר טְהוּן וִויא עֶר וִויל, עֶר זִינְדִיגְט נִיט. לָאזֶען זַייא הֵייראַטֶען:

37 אָבֶּער דֶער וָואס אִיז פֶעסְט אִין זַיין הַארְץ, אוּנְד הָאט עֶס נִיט נֵייטִיג, אוּנְד הָאט מַאכְט אִיבֶּער זַיין אֵייגֶענֶעם ווִילֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ דָאס פָארְגֶענוּמֶען אִים הַארְץ אַז עֶר זָאל הִיטֶען זַיינֶע יוּנְגפְרוֹיא, אַזוֹי טְהוּט עֶר רֶעכְט:

38 אַזוֹי דֶער וָואס מַאכְט אִיהְר חֲתוּנָה, טְהוּט רֶעכְט. אוּנְד דֶער וָואס מַאכְט אִיהְר נִיט חֲתוּנָה, טְהוּט בֶּעסֶער:

39 אֵיין וַוייבּ אִיז גֶעבּוּנְדֶען בֵּייא דֶעם גֶעזֶעץ אַזוֹי לַאנְג וִויא אִיהְר מַאן לֶעבְּט. אָבֶּער וֶוען אִיהְר מַאן שְׁטַארְבְּט, אַזוֹי אִיז זִיא פְרֵייא זִיךְ צוּ פֶערְהֵייראַטֶען צוּ וֶועמֶען זִיא וִויל. נָאר עֶס זָאל זַיין אִין דֶעם הַאר:

40 אָבֶּער נָאךְ מֵיינֶע מֵיינוּנְג אִיז אִיהר וְואויל וֶוען זִיא בְּלֵייבְּט אַזוֹי. אוּנְד אִיךְ דֶענְק אוֹיךְ אַז אִיךְ הָאבּ דֶעם רוּחַ פוּן גָאט:

## קאַפִּיטעל ח

1 אוּנְד וֶועגֶען קָרְבָּנוֹת פוּן אָפְּגֶעטֶער, אַזוֹי וִויסֶען מִיר אַז מִיר אַלֶע הָאבֶּען וִויסֶענְשַׁאפְט. דִיא וִויסֶענְשַׁאפְט בְּלָאזְט אוֹיף, אָבֶּער דִיא לִיבְּשַׁאפְט בֶּעסֶערְט:

2 אוּנְד וֶוען אֵיינֶער דֶענְקְט אַז עֶר וֵויים עֶפֶּעס, אַזוֹי וֵויים עֶר נָאךְ גָאר נִישְׁט וִויא עֶר קֶעהְר צוּ וִויסֶען:

3 אָבֶּער וֶוען אֵיינֶער לִיבְּט גָאט, דֶערְ־זֶעלְבִּיגֶע אִיז בֵּייא אִיהְם אָנְדֶערְקֶענְט:

4 דְרוּם וֶועגֶען דֶעם עֶסֶען פוּן קָרְבָּנוֹת פוּן אָפְּגֶעטֶער, אַזוֹי וִויסֶען מִיר אַז אֵיין אָפְּגָאט אִיז גָאר נִישְׁט אִין דֶער וֶועלְט, אוּנְד אַז עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנְדֶען קֵיין אַנְדֶערֶער גָאט נֵייעֶרְט אֵיינֶער:

5 אוּנְד חָאטְשֶׁע עֶס זֶענֶען פֶערְהַאנְ־דֶען זָאלְכֶע וָואס וֶוערֶען אָנְגֶערוּפֶען גֶעטֶער, עֶנְטְוֶועדֶער אִים הִימֶעל אָדֶער אוֹיף דֶער עֶרְד, (וִוינְטְמָאל דָא זֶענֶען פִילֶע גֶעטֶער אוּנְד פִילֶע הַארֶען):

6 אָבֶּער צוּ אוּנְס אִיז נָאר אֵיין גָאט, דֶער פָאטֶער, פוּן וֶועלְכֶען זֶענֶען אַלֶע זַאכֶען, אוּנְד מִיר צוּ אִיהְם, אוּנְד אֵיין הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דוּרְךְ וֶועלְכֶען זֶענֶען אַלֶע זַאכֶען, אוּנְד מִיר דוּרְךְ אִיהְם:

7 אָבֶּער נִיט אַלֶע הָאבֶּען וִויסֶענְ־שַׁאפְט. וָוארִין עֶטְלִיכֶע מִיט גֶעוִויסֶען פוּן דֶעם אָפְּגָאט עֶסֶען עֶס בִּיז אַצוּנְד וִויא אֵיין קָרְבָּן פוּן דֶעם אָפְּגָאט, אוּנְד וֵוייל זֵייעֶר גֶעוִויסֶען אִיז שְׁוַואךְ, אַזוֹי אִיז עֶס בֶּעפְלֶעקְט:

8 אָבֶּער דִיא שְׁפֵּייז מַאכְט אוּנְס נִיט בֶּעוִוילִיגְט צוּ גָאט. וָוארִין וֶוען מִיר עֶסֶען וֶועלֶען מִיר נִיט בֶּעסֶער, אוּנְד וֶוען מִיר עֶסֶען נִיט וֶועלֶען מִיר נִיט עֶרְגֶער:

9 אָבֶּער גִיבְּט אַכְטוּנְג אַז דִיזֶע אֵייעֶרֶע מַאכְט זָאל נִיט זֵיין אֵיינֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְג צוּ דִיא שְׁוַואכֶע:

10 וָוארִין וֶוען אֵיינֶער וֶועט דִיךְ זֶעהֶען, וָואס דוּא הָאסְט וִויסֶענְשַׁאפְט, אַז דוּא זִיצְט צוּ טִישׁ אִין דֶעם טֶעמְפֶּעל פוּן אֵיין אָפְּגָאט, זָאל נִיט דָאס גֶעוִויסֶען פוּן דֶעם שְׁוַואכֶען גֶעשְׁטַארְקְט וֶוערֶען צוּ עֶסֶען דִיא קָרְבָּנוֹת פוּן אָפְּגֶעטֶער:

11 אוּנְד דוּרְךְ דֵיינֶע וִויסֶענְשַׁאפְט וֶועט דֶער שְׁוַואכֶער בְּרוּדֶער פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען, פַאר וֶועלְכֶען מָשִׁיחַ אִיז גֶעשְׁ־טָארְבֶּען?

12 אָבֶּער וֶוען אִיהר זִינְדִיגְט אַזוֹי קֶעגֶען דִיא בְּרִידֶער, אוּנְד שְׁלָאגְט זֵייעֶר שְׁוַואךְ גֶעוִויסֶען, אַזוֹי זִינְדִיגְט אִיהר קֶעגֶען דֶעם מָשִׁיחַ:

13 דְרוּם וֶוען שְׁפֵּייז מַאכְט מֵיין בְּרוּדֶער שְׁטְרוֹיכְלֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אֵייבִּיג קֵיין פְלֵיישׁ נִיט עֶסֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל מֵיין בְּרוּדֶער נִיט שְׁטְרוֹיכְלֶען מַאכֶען:

## קאַפִּיטעל ט

1 בִּין אִיךְ נִיט אֵיין אַפָּאסְטֶעל? בִּין אִיךְ נִיט פְרֵייא? הָאבּ אִיךְ נִיט גֶע־זֶעהֶען יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶער הַאר? זֶענְט אִיהר נִיט מֵיין וֶוערְק אִין דֶעם הַאר?

2 וֶוען אִיךְ בִּין נִיט אֵיין אַפָּאסְטֶעל צוּ אַנְדֶערֶע, אַזוֹי בִּין אִיךְ דָאךְ צוּ אֵייךְ. וָוארִין דֶער זִיגֶעל פוּן מֵיין שְׁלִיחוּת זֶענְט אִיהר אִין דֶעם הַאר:

3 מֵיינֶע עֶנְטְפֶער צוּ דִיא וָואס טְהוּן מִיךְ פֶערְהֶערֶען אִיז דָאס:

4 הָאבֶּען מִיר נִיט קֵיינֶע מַאכְט צוּ עֶסֶען אוּנְד צוּ טְרִינְקֶען ?

5 הָאבֶּען מִיר נִיט קֵיינֶע מַאכְט אַרוּמְצוּפִירֶען אֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, אֵיין וַוייבּ, אַזוֹי וְויא דִיא אַנְדֶערֶע אַפָּאסְטֶעלְס, אוּנְד דִיא בְּרִידֶער פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד קֶעפַאס ?

6 אָדֶער הָאבּ אִיךְ אַלֵיין אוּנְד בַּר־נַבָּא קֵיינֶע מַאכְט נִיט מִיר זָאלֶען נִיט אַרְבֵּייטֶען :

7 וֶועלְכֶער בַּעַל מִלְחָמָה גֵייט אַרוּים אוֹיף זֵיינֶע אֵייגֶענֶע אוּמְקָאסְטֶען ? וֶוער פְלַאנְצְט אֵיין וַויינְגָארְטֶען אוּנְד עֶסְט נִיט דִיא פְרוּכְט דֶערְפוּן ? אָדֶער וֶוער וַויידֶעט אֵיינֶע הֶעעֶרְדֶע, אוּנְד עֶסְט נִיט פוּן דֶער מִילְךְ פוּן דֶער הֶעעֶרְדֶע :

8 רֶעד אִיךְ דֶען דָאס וְויא אֵיין מֶענְשׁ ? אָדֶער זָאגְט נִיט דָאס גֶעזֶעץ אוֹיךְ דָאס גֶעמְלִיכֶע ?

9 וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין תּוֹרַת מֹשֶׁה, דוּא זָאלְסְט נִיט פַארְשְׁלִיסֶען דָאס מוֹיל פוּן דֶעם אָקְס וֶוען עֶר דְרֶעשְׁט. זָארְגְט דֶען גָאט פַאר אָקְסֶען ?

10 אָדֶער זָאגְט עֶר דָאס אִים גַאנְצֶען פוּן אוּנְזֶערְט וֶועגֶען ? פוּן אוּנְזֶערְט וֶועגֶען אִיז דָאס גֶעשְׁרִיבֶּען. אַז דֶער וָואס אַקֶערְט זָאל אַקֶערֶען מִיט הָאפְּנוּנְג ; אוּנְד דֶער וָואס דְרֶעשְׁט זָאל מִיט הָאפְּנוּנְג אֵיין טֵייל הָאבֶּען אִין זֵיינֶע הָאפְּנוּנְג :

11 וֶוען מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעזֵייעֶט גֵייסְטְלִיכֶע זַאכֶען, אִיז עֶס צוּ פִיל וֶוען מִיר גֶענִיסֶען אֵייעֶרֶע וֶועלְטְלִיכֶע זַאכֶען ?

12 וֶוען אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אֵיין טֵייל אִין דִיזֶער מַאכְט אִיבֶּער אֵייךְ, וָוארוּם זָאלֶען מִיר נִיט פִיל מֶעהְר ? אָבֶּער מִיר הָאבֶּען נִיט בֶּענוּצְט דִיזֶע מַאכְט. גֵייעֶרְט מִיר לֵיידֶען אַלֶעס, כְּדֵי מִיר זָאלֶען נִיט הִינְדֶערְן דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם פוּן מָשִׁיחַ :

13 וַוייסְט אִיהְר נִיט אַז דִיא וָואס בֶּעדִינֶען אִין הֵיילִיגֶע זַאכֶען עֶסֶען פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ ? אוּנְד דִיא וָואס דִינֶען בֵּייא דֶעם מִזְבֵּחַ הָאבֶּען אַ טֵייל פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ :

14 אַזוֹי הָאט אוֹיךְ דֶער הַאר בֶּעפוֹילֶען אַז דִיא וָואס פְּרֶעדִיגֶען דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם זָאלֶען לֶעבֶּען פוּן דֶעם עֶוַואנְגֶעלְיוּם :

15 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ קֵיינֶע פוּן דִיזֶע זַאכֶען נִיט בֶּענוּצְט. אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיזֶעס נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אַז עֶס זָאל צוּ מִיר אַזוֹי גֶעשֶׁעהֶען. וָוארִין עֶס אִיז מִיר לִיבֶּער צוּ שְׁטַארְבֶּען אֵיידֶער אִימֶעצֶער זָאל מֵיין רִיהְמֶען צוּ נִישְׁט מַאכֶען :

16 וָוארִין וֶוען אִיךְ טְהוּא אוֹיךְ פְּרֶעדִיגֶען דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם, הָאבּ אִיךְ מִיךְ נִיט מִיט וָואס צוּ רִיהְמֶען ; וָוארִין עֶס אִיז מִיר נוֹיטְוֶוענְדִיג צוּ טְהוּן. אוּנְד וֵוייא צוּ מִיר וֶוען אִיךְ זָאל נִיט פְּרֶעדִיגֶען דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם :

17 וָוארִין וֶוען אִיךְ טְהוּא עֶס פוּן גוּטֶען ווילֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אֵיין שָׂכָר, אָבֶּער וֶוען אִיךְ טְהוּא עֶס אוּמְגֶערֶען, אִיז מִיר דָאס אַמְט פֶּערְטְרוֹיעֶט :

18 וָואס אִיז דֶען מֵיין שָׂכָר ? דָאס וֶוען אִיךְ טְהוּא דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם פְּרֶעדִיגֶען, אַזוֹי זָאל אִיךְ דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם פוּן מָשִׁיחַ פְרֵייא שְׁטֶעלֶען פוּן אוּמְקָאסְטֶען, אַז אִיךְ זָאל נִיט מֵיינֶע מַאכְט אִין דֶעם עֶוַואנְגֶעלְיוּם שְׁלֶעכְט בֶּענוּצֶען :

וואָרין

19 וָוארִין חָאטְשֶׁע אִיךְ בִּין פְרַייא פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען, הָאבּ אִיךְ מִיךְ דָאךְ גֶע־מַאכְט פַאר אַיין קְנֶעכְט צוּ אַלֶע, אַז אִיךְ זָאל מֶעהְר גֶעוִוינֶען:

20 אוּנְד צוּ דִיא יוּדֶען בִּין אִיךְ גֶע־וָוארֶען וִויא אַיין יְהוּדִי, אַז אִיךְ זָאל גֶעוִוינֶען דִיא יוּדֶען; צוּ דִיא וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ, כְּדֵי אִיךְ זָאל גֶעוִוינֶען דִיא וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ:

21 צוּ דִיא וָואס זֶענֶען אָהְן אַיין גֶע־זֶעץ (אָבֶּער אִיךְ פוּן נִיט אָהְן אַיין גֶעזֶעץ צוּ גָאט, נֵייעֶרְט אִין דֶעם גֶעזֶעץ צוּ מָשִׁיחַ), כְּדֵי אִיךְ זָאל גֶעוִוינֶען דִיא וָואס זֶענֶען אָהְן אַיין גֶעזֶעץ:

22 צוּ דִיא שְׁוַואכֶען בִּין אִיךְ גֶעוָוא־רֶען וִויא אַיין שְׁוַואכֶער, כְּדֵי אִיךְ זָאל גֶעוִוינֶען דִיא שְׁוַואכֶע. אִיךְ בִּין גֶע־וָוארֶען אַלֶעס צוּ אַלֶע, כְּדֵי אִיךְ זָאל אוֹיף יֶעדֶען אוֹפָן עֶטְלִיכֶע זֶעלִיג מַאכֶען:

23 אוּנְד דָאס טְהוּא אִיךְ וֶועגֶען דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם, כְּדֵי אִיךְ זָאל דְרִינֶען אַיין טֵייל הָאבֶּען:

24 וֵוייסְט אִיהְר נִיט אַז דִיא וָואס לוֹיפֶען אִין אַיין לוֹיף־גֶעוֶועט, דִיא לוֹיפֶען אַלֶע, אָבֶּער נוּר אַיינֶער אַנְטְ־פַאנְגְט דֶעם גֶעוִוין? לוֹיפְט אִיהְר אַזוֹי, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט אִיהְם דֶערְהַאלְטֶען:

25 אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס טְהוּט שְׁטְרֵייטֶען, דֶער טְהוּט זִיךְ פוּן אַלֶעס אָפְּ־הַאלְטֶען. אוּנְד דִיזֶע טְהוּן עָס כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אַנְטְפַאנְגֶען אַיינֶע פֶערְ־דֶערְבְּלִיכֶע קְרוֹין, אָבֶּער מִיר אַיינֶע אוּמְפֶערְדֶערְבְּלִיכֶע:

26 אוּנְד אִיךְ טְהוּא אַזוֹי לוֹיפֶען, נִיט וִויא אוּמְזוּנְסְט. אִיךְ טְהוּא אַזוֹי פֶעכְ־טֶען, נִיט וִויא אַיינֶער וָואס שְׁלָאגְט דִיא לוּפְט:

27 נֵייעֶרְט אִיךְ טְהוּא מֵיין לֵייבּ אַיינְ־צִיהֶען אוּנְד הַאלְט אִיהְם אִים צוֹים, דָאס וֶוען אִיךְ פְּרֶעדִיגֶע צוּ אַנְדֶערֶע, זָאל אִיךְ נִיט זֶעלְבְּסְט פֶערְוָוארְפֶען וֶוערֶען:

קאפיטעל י

1 אוּנְד אִיךְ וִויל פוּן אַייךְ נִישְׁט פַאר־הֶעלֶען, בְּרִידֶער, דָאס אוּנְזֶערֶע אָבוֹת זֶענֶען אַלֶע גֶעוֶועזֶען אוּנְטֶער דֶעם וָואלְקֶען, אוּנְד זֶענֶען אַלֶע דוּרְךְ דֶעם יַם אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען:

2 אוּנְד זֵייא וַוארֶען אַלֶע גֶעטוֹיפְט צוּ מֹשֶׁה אִין דֶעם וָואלְקֶען אוּנְד אִין דֶעם יַם:

3 אוּנְד הָאבֶּען אַלֶע גֶעגֶעסֶען דִיא זֶעלְבִּיגֶע גֵייסְטְלִיכֶע שְׁפֵּייז:

4 אוּנְד הָאבֶּען אַלֶע גֶעטְרוּנְקֶען דָאס זֶעלְבִּיגֶע גֵייסְטְלִיכֶע גֶעטְרֶענְק. וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען פוּן דֶעם גֵייסְטְ־לִיכֶען פֶעלְזֶען וָואס הָאט זֵייא נָאכְגֶע־פָאלְגְט, אוּנְד דֶער פֶעלְזֶען וַואר דֶער מָשִׁיחַ:

5 אָבֶּער פִילֶע פוּן זֵייא זֶענֶען גָאט נִיט וְואוֹילְגֶעפַאלֶען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען אִין דֶער מִדְבָּר:

6 אוּנְד דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען גֶעשֶׁעהֶען פַאר אַיין בֵּיישְׁפִּיל צוּ אוּנְס, אַז מִיר זָאלֶען נִיט גְלוּסְטֶען צוּם בֵּייזֶען אַזוֹי וִויא זֵייא הָאבֶּען גֶעגְלוּסְט:

7 אוּנְד זֵייט אִיהְר נִיט דִינֶערְס פוּן אָפְּגֶעטֶער, אַזוֹי וִויא עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא? וִויא עָס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִבֶּען, דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט צוּ עֶסֶען אוּנְד צוּ טְרִינְקֶען, אוּנְד זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען צוּ שְׁפִּילֶען:



אונד

8 אוּנְד לָאזֶען מִיר אוּנְס נִיט מְזַנֶּה זַיין, אַזוֹי וִויא עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען מְזַנֶּה גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זֶענֶען גֶעפַאלֶען אִין אֵיין טָאג דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיג טױזֶענְד:

9 אוּנְד לָאזֶען מִיר דֶעם מָשִׁיחַ נִיט פְּרוּפֶען, אַזוֹי וִויא עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעפְּרוּפְט אוּנְד זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען דוּרְךְ שְׁלַאנְגֶען:

10 אוּנְד מוּרְמֶעלְט אִיהְר נִיט אַזוֹי וִויא עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעמוּרְמֶעלְט אוּנְד זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען דוּרְךְ דֶעם פֶערְדֶערְבֶּער:

11 אוּנְד דָאס אַלֶעס הָאט זִיךְ צוּ זֵייא גֶעטְרָאפֶען פַאר אֵיין בֵּייִשְׁפִּיל. אוּנְד עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען פַאר אֵיין מוּסָר צוּ אוּנְס, צוּ וֶועלְכֶע דָאס עֶנְד פוּן דֶער וֶועלְט אִיז גֶעקוּמֶען:

12 דְרוּם דֶער וָואס דֶענְקְט אַז עֶר שְׁטֵייט לָאז עֶר אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אַז עֶר זָאל נִיט פַאלֶען:

13 עֶס אִיז אֵייךְ קֵיינֶע פְּרִיפוּנְג נִיט בֶּעפַאלֶען נֵייעֶרְט וָואס אִיז מֶענְשְׁלִיךְ. אָבֶּער גָאט אִיז גֶעטְרֵייא, וָואס וֶועט אֵייךְ נִיט לָאזֶען גֶעפְּרוּפְט וֶוערֶען מֶעהְר וִויא אִיהְר קֶענְט אוֹיסְשְׁטֵיין, נֵייעֶרְט עֶר וֶועט מִיט דֶער פְּרִיפוּנְג אוֹיךְ אֵיין אוֹיסְגַאנְג מַאכֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט עֶס קֶענֶען דֶערְטְרָאגֶען:

14 דְרוּם, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, פְלִיהְט פוּן אָפְּגֶעטֶערֵייא:

15 אִיךְ רֶעד וִויא מִיט קְלוּגֶע לֵייט, רִיכְטֶעט אִיהְר זֶעלְבְּסְט וָואס אִיךְ זָאג:

16 דֶער כּוֹס פוּן בְּרָכָה וָואס מִיר בֶּענְשֶׁען, אִיז עֶס נִיט דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן מָשִׁיחַ? דָאס בְּרוֹיט וָואס מִיר בְּרֶעכֶען, אִיז עֶס נִיט דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֶעם לֵייב פוּן מָשִׁיחַ?

17 וָוארִין מִיר וָואס זֶענֶען פִילֶע זֶענֶען אֵיין בְּרוֹיט אוּנְד אֵיין לֵייבּ. וָוארִין מִיר הָאבֶּען אַלֶע אֵיין טֵייל אִין דֶעם אֵיינֶעם בְּרוֹיט:

18 זֶעהְט אָן דִיא יִשְׂרָאֵל נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ. דִיא וָואס עֶסֶען דִיא קָרְבָּנוֹת הָאבֶּען זֵייא נִיט אֵיין טֵייל אָן דֶעם מִזְבֵּחַ?

19 וָואס זָאג אִיךְ דֶען? אַז אֵיין אָפְּגָאט אִיז עֶפֶּעס? אָדֶער וָואס מֶען אִיז מַקְרִיב צוּ אֵיין אָפְּגָאט אִיז עֶפֶּעס?

20 אָבֶּער אִיךְ זָאג אַז דָאס וָואס דִיא גוֹיִם זֶענֶען מַקְרִיב דָאס זֶענֶען זֵייא מַקְרִיב צוּ שֵׁדִים אוּנְד נִיט צוּ גָאט; אוּנְד אִיךְ וִויל נִיט אַז אִיהְר זָאלְט הָאבֶּען גֶעמֵיינְשַׁאפְט מִיט שֵׁדִים:

21 אִיהְר קֶענְט נִיט טְרִינְקֶען דֶעם כּוֹס פוּן דֶעם הַאר אוּנְד דֶעם כּוֹס פוּן שֵׁדִים. אִיהְר קֶענְט נִיט אֵיין טֵייל הָאבֶּען אִין דֶעם טִישׁ פוּן דֶעם הַאר אוּנְד אִין דֶעם טִישׁ פוּן שֵׁדִים:

22 זָאלֶען מִיר דֶען דֶערְצֶערְנֶען דֶעם הַאר? זֶענֶען מִיר שְׁטַארְקֶער וִויא עֶר?

23 עֶס אִיז מִיר אַלֶעס דֶערְלוֹיבְּט, אָבֶּער נִיט אַלֶעס אִיז נוּצְלִיךְ. עֶס אִיז מִיר אַלֶעס דֶערְלוֹיבְּט, אָבֶּער אַלֶעס פֶערְבֶּעסֶערְט נִיט:

24 לָאז קֵיינֶער נִיט זוּכֶען זַיין אֵייגֶענֶעם נוּצֶען, נֵייעֶרְט אִיטְלִיכֶער דֶעם נוּצֶען פוּן אֵיין אַנְדֶערְן:

25 אַלֶעס וָואס וֶוערְט פֶערְקוֹיפְט אִין דֶער יַאטְקֶע, דָאס עֶסְט, אוּנְד פְרֶעגְט נִיט נָאךְ וֶועגֶען דֶעם גֶעוִויסֶען:

26 וָוארִין דִיא עֶרְד קֶעהְר צוּם הַאר גָאט, אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז דְרִינֶען:

אונד

27 אוּנְד וֶוען אֵיינֶער פוּן דִיא אוּמְ־גְלוֹיבִּיגֶע וֶועט אֵייךְ בֶּעטֶען וֶוען צוּ גַאסְט, וָוען אִיהְר ווִילְט גֵייט, עֶסְט אַלֶעס וָואס וֶוערְט אֵייךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד פְרֶעגְט נִיט נָאךְ וֶועגֶען דֶעם גֶע־ווִיסֶען:

28 אָבֶּער וֶוען אֵיינֶער וֶועט צוּ אֵייךְ זָאגֶען, דִיזֶעס אִיז אֵיין קָרְבָּן פוּן אָפְּ־גֶעטֶער, אַזוֹי עֶסְט עֶס נִיט, וֶועגֶען דֶעם וָואס הָאט עֶס אֵייךְ גֶעזָאגְט, אוּנְד וֶועגֶען דֶעם גֶעווִיסֶען. וָוארִין דִיא עֶרְד קֶעהְר צוּם הַאר גָאט, אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז דְרִינֶען:

29 אִיךְ מֵיין דָאס גֶעווִיסֶען, נִיט פוּן דִיר זֶעלְבְּסְט, נֵייעֶרְט פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען. אוּנְד וָוארוּם זָאל מֵיינֶע פְרֵייהֵייט גֶע־רִיכְטֶעט וֶוערֶען בֵּייא אַן אַנְדֶערְנְס גֶע־ווִיסֶען?

30 וָוארִין וֶוען אִיךְ הָאבּ אֵיין טֵייל דְרָאן דוּרְךְ דֶער גְנָאד, וָוארוּם זָאל אִיךְ גֶעלֶעסְטֶערְט וֶוערֶען אִיבֶּער אֵיינֶע זַאךְ וָואס אִיךְ טְהוּא דֶערְפַאר דַאנְקֶען?

31 דְרוּם אוֹיבּ אִיהְר עֶסְט אָדֶער אִיהְר טְרִינְקְט, אָדֶער וָואס אִיהְר טְהוּט, טְהוּט אַלֶעס צוּם כָּבוֹד פוּן גָאט:

32 גִיבְּט נִיט קֵיין אָנְשְׁטוֹיס צוּ דִיא יוּדֶען אָדֶער צוּ דִיא גְרִיכֶען, אָדֶער צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע פוּן גָאט:

33 אַזוֹי וִויא אִיךְ טְהוּא אַלֶע צוּ גֶע־פַאלֶען אִין אַלֶע זַאכֶען, אוּנְד זוּךְ נִיט מֵיין אֵייגֶענֶעם נוּצֶען, נֵייעֶרְט דֶעם נוּצֶען פוּן פִילֶע, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען גֶע־רֶעטֶעט וֶוערֶען:

קאפיטעל יא

1 זֵייט מֵיינֶע נָאכְפָאלְגֶערְס, אַזוֹי וִויא אִיךְ טְהוּא מָשִׁיחַ נָאכְפָאלְגֶען:

2 אִיךְ לוֹיבּ אֵייךְ, בְּרִידֶער, דָאס אִיהְר גֶעדֶענְקְט מִיךְ אִין אַלֶעס, אוּנְד דָאס אִיהְר הַאלְט דִיא תְּקָנוֹת, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ זֵייא אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען:

3 אוּנְד אִיךְ ווִיל הָאבֶּען אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען, אַז מָשִׁיחַ אִיז דָאס הוֹיפְּט פוּן אִיטְלִיכֶען מַאן, אוּנְד דָאס הוֹיפְּט פוּן דֶעם ווֵייבּ אִיז דֶער מַאן, אוּנְד דָאס הוֹיפְּט פוּן מָשִׁיחַ אִיז גָאט:

4 אִיטְלִיכֶער מַאן וָואס בֶּעטֶעט אָדֶער עֶר זָאגְט נְבוּאוֹת, אוּנְד זֵיין קָאפּ אִיז בֶּעדֶעקְט, דֶער פֶערְשֶׁעמְט זֵיין קָאפּ:

5 אוּנְד אִיטְלִיכֶע פְרוֹיא וָואס בֶּעטֶעט אָדֶער זִיא זָאגְט נְבוּאוֹת, אוּנְד אִיהְר קָאפּ אִיז נִיט בֶּעדֶעקְט, דִיא פֶערְשֶׁעמְט אִיהְר קָאפּ. וָוארִין עֶס אִיז אַלֶעס אַזוֹי גְלֵייךְ אַלְס זִיא הֶעט זִיךְ גֶעגָאלְט:

6 וָוארִין וֶוען אֵיינֶע פְרוֹיא אִיז נִיט בֶּעדֶעקְט, לָאז זִיא זִיךְ אוֹיךְ שֶׁערֶען. אָבֶּער וֶוען עֶס אִיז אֵיין שַׁאנְד פַאר אֵיינֶע פְרוֹיא זִיא זָאל זִיךְ שֶׁערֶען אָדֶער גָאלֶען, אַזוֹי לָאז זִיא בֶּעדֶעקְט זֵיין:

7 וָוארִין אֵיין מַאן קֶעהְר זִיךְ נִיט דֶעם קָאפּ צוּ בֶּעדֶעקֶען, ווֵייל עֶר אִיז דָאס בִּילְד אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן גָאט. אָבֶּער אֵיינֶע פְרוֹיא אִיז דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם מַאן:

8 וָוארִין דֶער מַאן אִיז נִיט פוּן דֶער פְרוֹיא, נֵייעֶרְט דִיא פְרוֹיא פוּן דֶעם מַאן:

9 אוּנְד דֶער מַאן וַואר נִיט בֶּעשַׁאפֶען וֶועגֶען דֶער פְרוֹיא, נֵייעֶרְט דִיא פְרוֹיא וֶועגֶען דֶעם מַאן:

10 דְרוּם קֶעהְר דִיא פְרוֹיא צוּ הָאבֶּען אֵיין בֶּעדֶעק אִיבֶּער דֶעם קָאפּ, וֶועגֶען דִיא מַלְאָכִים:

11 אָבֶּער דָאךְ אִיז דֶער מַאן נִיט אָהְן דִיא פְרוֹיא, אוּנְד דִיא פְרוֹיא

אִיז נִיט אָהְן דֶעם מַאן אִין דֶעם הַאר׃

12 וָוארִין אַזוֹי וִויא דִיא פְרויא אִיז פוּן דֶעם מַאן, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֶער מַאן דוּרְךְ דֶער פְרויא; אָבֶּער אַלֶעס אִיז פוּן גָאט׃

13 רִיכְטֶעט בַּייא אֵייךְ זֶעלְבְּסְט, אִיז עֶס שֵׁיין פַאר אֵיינֶע פְרויא צוּ גָאט צוּ בֶּעטֶען אוּמְבֶּעדֶעקְט?

14 אָדֶער לֶעהְרְט אֵייךְ נִיט דִיא נַאטוּר זֶעלְבְּסְט, אַז עֶס אִיז אֵיינֶע שַׁאנְד פַאר אֵיין מַאן וֶוען עֶר הָאט לַאנְגֶע הָאר?

15 אָבֶּער וֶוען אֵיינֶע פְרויא הָאט לַאנְגֶע הָאר, אַזוֹי אִיז עֶס פַאר אִיהְר אֵיין כָּבוֹד, וָוארִין דִיא הָאר זֶענֶען צוּ אִיהְר גֶעגֶעבֶּען פַאר אֵיין פֶערְדֶעק׃

16 אָבֶּער וֶוען אֵיינֶער שֵׁיינְט צוּ זַיין אֵיין קְרִיגֶער, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר נִיט אֵיין זָאלְכֶען מִנְהָג, אוּנְד אוֹיךְ נִיט דִיא גֶעמֵיינְדֶען פוּן גָאט׃

17 אוּנְד וֶוען אִיךְ זָאג אֵייךְ דָאס, אַזוֹי לוֹיבּ אִיךְ אֵייךְ נִיט, וָוארִין אִיהְר קוּמְט צוּזַאמֶען נִיט צוּם גוּטֶען, נֵייעֶרְט צוּם בֵּייזֶען׃

18 וָוארִין צוּם עֶרְשְׁטֶען הֶער אִיךְ אַז עֶס זֶענֶען מַחְלוֹקוֹת צְווִישֶׁען אֵייךְ, וֶוען אִיהְר קוּמְט צוּזַאמֶען אִין דֶער גֶע־מֵיינְדֶע; אוּנְד צוּם טֵייל גְלוֹיבּ אִיךְ עֶס׃

19 וָוארִין עֶס מוּזֶען אָפְּשֵׁיידוּנְגֶען זַיין צְווִישֶׁען אֵייךְ, אַז דִיא וָואס זֶענֶען גֶע־פְּרוּפְט זָאלֶען דֶערְקֶענְט וֶוערֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ׃

20 אוּנְד וֶוען אִיהְר קוּמְט צוּזַאמֶען, אַזוֹי אִיז עֶס נִיט צוּ עֶסֶען דָאס אָבֶּענְט־מָאל פוּן דֶעם הַאר׃

21 וָוארִין וֶוען אִיהְר עֶסְט, אַזוֹי נֶעמְט אִיטְלִיכֶער זַיין אֵייגֶען אָבֶּענְטמָאל צוּם עֶרְשְׁטֶען, אוּנְד אֵיינֶער אִיז הוּנְגֶערִיג, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער אִיז בֶּעזָאפֶּען׃

22 הָאט אִיהְר דֶען נִיט קֵיינֶע הֵייזֶער צוּ עֶסֶען אוּנְד צוּ טְרִינְקֶען? אָדֶער זֶענְט אִיהְר מְבַזֶה דִיא גֶעמֵיינְדֶע פוּן גָאט, אוּנְד פֶערְשֶׁעמְט דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט? וָואס זָאל אִיךְ צוּ אֵייךְ זָאגֶען? זָאל אִיךְ אֵייךְ לוֹיבֶּען אִין דִיזֶען? אִיךְ לוֹיבּ אֵייךְ נִיט׃

23 וָוארִין אִיךְ הָאבּ עֶנְטפַאנְגֶען פוּן דֶעם הַאר, וָואס אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אוֹיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, אַז דֶער הַאר יֵשׁוּעַ הָאט גֶענוּמֶען בְּרוֹיט אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער נַאכְט וֶוען עֶר וַואר פֶערְרַאטֶען׃

24 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעדַאנְקְט הָאט עֶר עֶס צֶערְבְּרָאכֶען, אוּנְד הָאט גֶע־זָאגְט, נֶעמְט דָאס אוּנְד עֶסְט. דָאס אִיז מֵיין לֵייבּ וָואס וֶוערְט צֶערְבְּרָאכֶען פַאר אֵייךְ. טְהוּט דָאס צוּ מֵיין גֶע־דֶעכְטְנִיס׃

25 אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיךְ גֶענוּמֶען דֶעם כּוֹס נָאךְ דֶעם אָבֶּענְטמָאל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דִיזֶער כּוֹס אִיז דָאס נֵייעֶ טֶעסְטַאמֶענְט אִין מֵיין בְּלוּט. טְהוּט דָאס, אַזוֹי אָפְט וִויא אִיהְר טְרִינְקְט עֶס, צוּ מֵיין גֶעדֶעכְטְנִיס׃

26 וָוארִין אַזוֹי אָפְט וִויא אִיהְר וֶועט עֶסֶען דִיזֶעס בְּרוֹיט אוּנְד וֶועט טְרִינְקֶען דִיזֶען וויין, אַזוֹי וֶועט אִיהְר בֶּעווייזֶען דֶעם טוֹיט פוּן דֶעם הַאר, בִּיז עֶר וֶועט קוּמֶען׃

27 דְרוּם דֶער וָואס וֶועט עֶסֶען דִיזֶעס בְּרוֹיט אָדֶער טְרִינְקֶען דֶעם כּוֹס פוּן דֶעם הַאר נִיט וִויא עֶס קֶעהְר צוּ זַיין, דֶער וֶועט פֶערְשׁוּלְדִיגֶען קֶעגֶען דֶעם לֵייבּ אוּנְד בְּלוּט פוּן דֶעם הַאר׃

28 אָבֶּער לָאז זִיךְ דֶער מֶענְשׁ זֶעלְבְּסְט פְּרוּפֶען, אוּנְד אַזוֹי לָאז עֶר עֶסֶען פוּן דִיזֶעם בְּרוֹיט אוּנְד טְרִינְקֶען פוּן דִיזֶען וַויין :

29 וָוארִין דֶער וָואס עֶסְט אוּנְד טְרִינְקְט נִיט וִויא עֶס קֶעהְר צוּ זַיין, דֶער עֶסְט אוּנְד טְרִינְקְט צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט דָאס גֶערִיכְט, אוּנְד עֶר דֶערְקֶענְט נִיט דֶעם לֵייבּ פוּן דֶעם הַאר :

30 דָארוּם זֶענֶען פִילֶע שְׁוַואךְ אוּנְד קְרֶענְקְלִיךְ צְוִוישֶׁע אֵייךְ, אוּנְד פִילֶע שְׁלָאפֶען :

31 וָוארִין וֶוען מִיר זָאלֶען זִיךְ זֶעלְבְּסְט רִיכְטֶען, אַזוֹי הֶעטֶען מִיר נִיט גֶערִיכְטֶעט גֶעוָוארֶען :

32 אָבֶּער וֶוען מִיר וֶוערֶען גֶערִיכְטֶעט זֶענֶען מִיר גֶעשְׁטְרָאפְט פוּן דֶעם הַאר, כְּדֵי מִיר זָאלֶען נִיט פֶערְשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען מִיט דֶער וֶועלְט :

33 דְרוּם, מֵיינֶע בְּרִידֶער, וֶוען אִיהְר קוּמְט צוּזַאמֶען צוּ עֶסֶען, אַזוֹי וַוארְטֶעט אֵיינֶער אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען :

34 אוּנְד וֶוען אֵיינֶער אִיז הוּנְגֶערִיג לָאז עֶר עֶסֶען אִין דֶער הֵיים, דָאס אִיהְר זָאלְט נִיט צוּזַאמֶענְקוּמֶען צוּם פַארְשׁוּלְדִיגֶען. אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע וֶועל אִיךְ אֵיינְרִיכְטֶען וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען :

## קאפיטעל יב

1 אוּנְד וֶועגֶען גֵייסְטְלִיכֶע זַאכֶען, בְּרִידֶער, וִויל אִיךְ פוּן אֵייךְ נִיט פֶערְהֶעלֶען :

2 אִיהְר וֵוייסְט אַז אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען גוֹיִם, אוּנְד זֶענְט נָאכְגֶעגַאנְגֶען שְׁטוּמֶע אָפְּגֶעטֶער, וִויא אִיהְר זֶענְט גֶעפִירְט גֶעוָוארֶען :

3 דְרוּם טְהוּא אִיךְ אֵייךְ צוּ וִויסֶען, אַז קֵיינֶער וָואס רֶעט דוּרְךְ דֶעם רוּחַ פוּן גָאט זָאגְט אַז יֵשׁוּעַ אִיז פַארְפְלוּכְט, אוּנְד קֵיינֶער קֶען נִיט זָאגֶען אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער הַאר, נֵייעֶרְט דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ :

4 אוּנְד דָא זֶענֶען פֶערְשִׁידֶענֶע גָאבֶּען, אָבֶּער עֶס אִיז דֶער זֶעלְבִּיגֶער רוּחַ :

5 אוּנְד דָא זֶענֶען פֶערְשִׁידֶענֶע עֲבוֹדוֹת, אָבֶּער עֶס אִיז דֶער זֶעלְבִּיגֶער הַאר :

6 אוּנְד דָא זֶענֶען פֶערְשִׁידֶענֶע וֶוערְקֶען, אָבֶּער עֶס אִיז דֶער זֶעלְבִּיגֶער גָאט, וָואס וִוירְקְט אַלֶעס אִין אַלֶען :

7 אוּנְד דָאס אַנְטפְּלֶעקֶען פוּן דֶעם גֵייסְט אִיז צוּ אִיטְלִיכֶען גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיין נוּצֶען :

8 וָוארִין צוּ אֵיינֶעם אִיז גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט דָאס וָוארְט פוּן וֵוייזְהֵייט; אוּנְד צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען דָאס וָוארְט פוּן וִויסֶענְשַׁאפְט, דוּרְךְ דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען גֵייסְט :

9 צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען גְלוֹיבֶּען דוּרְךְ דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען גֵייסְט, אוּנְד צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען דִיא גָאבֶּען פוּן רְפוּאוֹת, דוּרְךְ דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען גֵייסְט :

10 צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען וְואוּנְדֶער צוּ טְהוּן, אוּנְד צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען נְבוּאוֹת צוּ זָאגֶען. צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען רוּחוֹת צוּ אוּנְטֶערְשֵׁיידֶען, אוּנְד צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען פִילֶערְלֵייא לְשׁוֹנוֹת, אוּנְד צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען לְשׁוֹנוֹת צוּ פֶערְדָאלְמֶעטְשֶׁען :

11 אָבֶּער דָאס אַלֶעס וִוירְקְט אֵיין אוּנְד דֶערְזֶעלְבִּיגֶער גֵייסְט אוּנְד עֶר טֵיילְט אָפּ צוּ אִיטְלִיכֶען בַּאזוּנְדֶער נָאךְ זַיין ווִילֶען :

12 וָוארִין אַזוֹי וִויא דֶער לֵייבּ אִיז אֵיינְס, אוּנְד עֶר הָאט פִילֶע גְלִידֶער, אוּנְד חָאטְשֶׁע אַלֶע גְלִידֶער פוּן דֶעם אֵיינֶעם לֵייבּ זֶענֶען פִילֶע, אִיז עֶס דָאךְ אֵיין לֵייבּ, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ מָשִׁיחַ :

13 וָואַרין דוּרְךְ אֵיין גֵייסְט זֶענֶען מִיר
אַלֶע גֶעטוֹיפְט צוּ אֵיין לֵייבּ. אוֹיבּ מִיר
זֶענֶען יוּדֶען אָדֶער גְרִיכֶען, אוֹיבּ מִיר
זֶענֶען קְנֶעכְט אָדֶער פְרֵייא. אוּנְד מֶען
הָאט אוּנְס אַלֶע גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען
צוּ אֵיין גֵייסְט׃
14 וָוארִין דֶער לֵייבּ אִיז נִיט אֵיין
גְלִיד, נֵייעֶרְט פִילֶע׃
15 וֶוען דֶער פוּס זָאל זָאגֶען, וֵוייל
אִיךְ בִּין נִיט דִיא הַאנְד, אַזוֹי קֶעהְר
אִיךְ נִיט צוּם לֵייבּ, קֶעהְר עֶר דֶען
דָארוּם נִיט צוּם לֵייבּ?
36 אוּנְד וֶוען דָאס אוֹיעֶר זָאל זָאגֶען,
וֵוייל אִיךְ בִּין נִיט דָאס אוֹיג, אַזוֹי
קֶעהְר אִיךְ נִיט צוּם לֵייבּ, קֶעהְר עֶס
דֶען דָארוּם נִיט צוּם לֵייבּ?
17 וֶוען דֶער גַאנְצֶע לֵייבּ זָאל זַיין
אֵיין אוֹיג, וִויא וֶועט זַיין דָאס גֶעהֶער?
אוּנְד וֶוען דָאס גַאנְצֶע זָאל זַיין גֶעהֶער,
וִויא וֶועט זַיין דָאס שְׁמֶעקֶען?
18 אָבֶּער אַצוּנְד הָאט גָאט גֶעזֶעצְט
דִיא גְלִידֶער אִיטְלִיכֶעס בַּאזוּנְדֶער אִין
דֶעם לֵייבּ, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעוָואלְט׃
19 אוּנְד וֶוען אַלֶע זָאלֶען זַיין אֵיין
גְלִיד, וִויא וֶועט זַיין דֶער לֵייבּ?
20 אָבֶּער אַצוּנְד זֶענֶען דָא פִילֶע
גְלִידֶער, אוּנְד דָאךְ נָאר אֵיין לֵייבּ׃
21 דָאס אוֹיג קֶען נִיט זָאגֶען צוּ דֶער
הַאנְד, אִיךְ בֶּעדַארְף דִיךְ נִיט, אָדֶער
דֶער קָאפּ צוּ דִיא פִּיס, אִיךְ בֶּעדַארְף
אֵייךְ נִיט׃
22 נֵייעֶרְט פִיל מֶעהְר דִיא גְלִידֶער
פוּן דֶעם לֵייבּ וָואס שֵׁיינֶען צוּ זַיין דִיא
שְׁוַואכְסְטֶען, זֶענֶען אוֹיךְ נֵייטִיג׃
23 אוּנְד דִיא וָואס שֵׁיינֶען מֶעהְר
שֶׁענְדְלִיךְ צוּ זַיין צוּם לֵייבּ צוּ דִיא טְהוּן
מִיר מֶעהְר כָּבוֹד אָן. אוּנְד דִיא וָואס
זֶענֶען נִיט אַנְשְׁטֶענְדִיג, דִיא וֶוערֶען
מֶעהְר גֶעצִירְט׃
24 אָבֶּער אוּנְזֶערֶע שֵׁיינֶע גְלִידֶער בֶּע־
דַארְפֶען דָאס נִיט. אוּנְד גָאט הָאט
דֶעם לֵייבּ אַזוֹי צוּזַאמֶענְגֶעהֶעפְט, אוּנְד
הָאט גֶעגֶעבֶּען מֶעהְר כָּבוֹד צוּם בֶּע־
דֶערְפְטִיגֶען טֵייל׃
25 כְּדֵי עֶס זָאל נִיט זַיין קֵיינֶע
מַחֲלוֹקֶת אִין דֶעם לֵייבּ, נֵייעֶרְט דִיא
גְלִידֶער זָאלֶען אֵיינְס פַאר דֶעם אַנְ־
דֶערְן גְלֵייךְ זָארְגֶען׃
26 אוּנְד וֶוען אֵיין גְלִיד טְהוּט לֵיידֶען,
אַזוֹי לֵיידֶען אַלֶע גְלִידֶער דֶערְמִיט׃
27 אוּנְד אִיהְר זֶענְט דֶער לֵייבּ פוּן
מָשִׁיחַ, אוּנְד גְלִידֶער צוּם טֵייל׃
28 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזֶעצְט עֶטְלִיכֶע אִין
דֶער גֶעמֵיינְדֶע עֶרְשְׁטֶענְס אַפָּאסְטֶעלְס,
צְווֵייטֶענְס נְבִיאִים, דְרִיטֶענְס לֶעהְרֶערְס,
דֶערְנָאךְ דִיא וָואס טְהוּן וְואוּנְדֶער,
דֶערְנָאךְ דִיא וָואס הָאבֶּען דִיא גָאבּ
פוּן רְפוּאוֹת, הֶעלְפֶּערְס, רֶעגִירֶערְס, אוּנְד
דִיא וָואס רֶעדֶען פִילֶערְלֵייא לְשׁוֹנוֹת׃
29 זֶענֶען אַלֶע אַפָּאסְטֶעלְס? זֶענֶען
אַלֶע נְבִיאִים? זֶענֶען אַלֶע לֶעהְרֶערְס?
טְהוּן אַלֶע וְואוּנְדֶער?
30 הָאבֶּען אַלֶע דִיא גָאבּ פוּן רְפוּאוֹת?
טְהוּן אַלֶע לְשׁוֹנוֹת רֶעדֶען? טְהוּן אַלֶע
פַארְדָאלְמֶעטְשֶׁען?
31 אָבֶּער זוּכְט אִיהְר דִיא בֶּעסְטֶע
גָאבֶּען. אוּנְד דָאךְ וֵוייז אִיךְ אֵייךְ
אֵיין בֶּעסֶערֶען וֶועג׃

קאַפִּיטֶעל יג

1 וֶוען אִיךְ זָאל רֶעדֶען מִיט לְשׁוֹנוֹת
פוּן מֶענְשֶׁען אוּנְד פוּן מַלְאָכִים, אוּנְד
הָאבּ נִיט קֵיין לִיבְּשַׁאפְט, אַזוֹי בִּין אִיךְ
וִויא שַׁאלֶענְדִיג קוּפֶּער אוּנְד וִויא אֵיין
קְלִינְגֶענְדֶער צִימְבֶּעל׃

אוּנְד

2 אוּנְד װֶען אִיךְ זָאל הָאבֶּען דִיא גָאבּ פוּן נְבוּאוֹת, אוּנְד זָאל װִיסֶען אַלֶע סוֹדוֹת אוּנְד אַלֶע װִיסֶענְשַׁאפְטֶען, אוּנְד װֶען אִיךְ זָאל הָאבֶּען אַלֶען גְלוֹיבֶּען אַז אִיךְ זָאל קֶענֶען בֶּערְג אַװֶעקְרִיקֶען, אוּנְד הָאבּ נִיט קֵיין לִיבְּשַׁאפְט, אַזוֹי בִּין אִיךְ גָאר נִישְׁט:

3 אוּנְד װֶען אִיךְ זָאל צוּטֵיילֶען מֵיין גַאנְץ פֶערְמֶעגֶען צוּ דִיא אָרֶעמֶע לֵייט, אוּנְד װֶען אִיךְ זָאל מֵיין לֵייבּ גֶעבֶּען פֶערְבְּרֶענְט צוּ װֶערֶען, אוּנְד הָאבּ נִיט קֵיין לִיבְּשַׁאפְט, אַזוֹי הֶעלְפְט עֶס מִיר גָאר נִישְׁט:

4 דִיא לִיבְּשַׁאפְט אִיז גֶעדוּלְדִיג אוּנְד גִיטִיג. דִיא לִיבְּשַׁאפְט אִיז נִיט מְקַנֵא. דִיא לִיבְּשַׁאפְט אִיז נִיט הוֹיכְמִיטִיג, אוּנְד אִיז נִיט אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען:

5 זִיא הַאנְדֶעלְט נִיט שֶׁענְדְלִיךְ, זִיא זוּכְט נִיט דָאס אִירִיגֶע, זִיא דֶערְצֶערְנְט זִיךְ נִיט, אוּנְד דֶענְקְט נִיט קֵיין בֵּייזֶעס:

6 זִיא פְרֵייעֶט זִיךְ נִיט אִין אוּמְרֶעכְט, אָבֶּער זִיא פְרֵייעֶט זִיךְ אִין דֶער װָארְהֵייט:

7 זִיא לֵיידֶעט אַלֶעס, אוּנְד הָאפְט אַלֶעס, אוּנְד אִיז גֶעדוּלְדִיג אִין אַלֶעם:

8 דִיא לִיבְּשַׁאפְט פֶעהְלְט קֵיין מָאל נִיט. אוּנְד אוֹיבּ דָא זֶענֶען נְבוּאוֹת, אַזוֹי װֶעלֶען זֵייא פֶעהְלֶען. אָדֶער לְשׁוֹנוֹת, אַזוֹי װֶעלֶען זֵייא אוֹיפְהֶערֶען. אָדֶער װִיסֶענְשַׁאפְט, אַזוֹי װֶעט זִיא צוּ נִישְׁט װֶערֶען:

9 װָארִין מִיר װִיסֶען אִין טֵייל, אוּנְד זָאגֶען נְבוּאוֹת אִין טֵייל:

10 אָבֶּער װֶען דָאס גַאנְצֶע װֶעט קוּמֶען, אַזוֹי װֶעט דָאס װָאס אִיז אִין טֵייל צוּ נִישְׁט װֶערֶען:

11 װֶען אִיךְ װַאר אֵיין קִינְד, הָאבּ אִיךְ גֶערֶעט װִיא אֵיין קִינְד, אוּנְד הָאבּ פֶערְשְׁטַאנֶען װִיא אֵיין קִינְד, אוּנְד הָאבּ גֶעדֶענְקְט װִיא אֵיין קִינְד. אָבֶּער װֶען אִיךְ בִּין גֶעװָארֶען אֵיין מַאן, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אַװֶעקְגֶעלֵייגְט דִיא קִינְדִישֶׁע זַאכֶען:

12 װָארִין אַצוּנְד זֶעהֶען מִיר דוּרְךְ אֵיין שְׁפִּיגֶעל װִיא אִין דֶער פִינְסְטֶער, אָבֶּער דֶערְנָאךְ װֶעלֶען מִיר זֶעהֶען פָּנִים לְפָנִים. אַצוּנְד װֵייס אִיךְ אִין טֵייל, אָבֶּער דֶערְנָאךְ װֶעל אִיךְ דֶערְקֶענֶען אַזוֹי װִיא אִיךְ בִּין דֶערְקֶענְט:

13 אוּנְד אַצוּנְד בְּלֵייבֶּען דִיזֶע דְרֵייא, גְלוֹיבֶּען, הָאפְנוּנְג, אוּנְד לִיבְּשַׁאפְט; אָבֶּער דָאס גְרֶעסְטֶע פוּן דִיזֶע אִיז דִיא לִיבְּשַׁאפְט:

## קאפיטעל יד

1 פָאלְגְט נָאךְ דֶער לִיבְּשַׁאפְט, אוּנְד זוּכְט גֵייסְטְלִיכֶע גָאבֶּען, אָבֶּער צוּם מֵיינְסְטֶען אַז אִיהְר זָאלְט נְבוּאוֹת זָאגֶען:

2 װָארִין דֶער װָאס רֶעט אֵיין פְרֶעמְד לָשׁוֹן, רֶעט נִיט צוּ מֶענְשֶׁען, נֵייעֶרְט צוּ גָאט, װָארִין קֵיינֶער פַארְשְׁטֵייט אִיהְם נִיט, אוּנְד עֶר רֶעט סוֹדוֹת אִין דֶעם רוּחַ:

3 אָבֶּער דֶער װָאס זָאגְט נְבוּאוֹת, רֶעט צוּ מֶענְשֶׁען צוּ זֵייעֶרֶע בֶּעסֶערוּנְג אוּנְד װָארְנוּנְג אוּנְד טְרֵייסְט:

4 דֶער װָאס רֶעט אֵיין לָשׁוֹן, בֶּעסֶערְט זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אָבֶּער דֶער װָאס זָאגְט נְבוּאוֹת, בֶּעסֶערְט דִיא גֶעמֵיינְדֶע:

5 אוּנְד אִיךְ װִיל הָאבֶּען אַז אִיהְר זָאלְט אַלֶע רֶעדֶען לְשׁוֹנוֹת, אָבֶּער צוּם מֵיינְסְטֶען אַז אִיהְר זָאלְט נְבוּאוֹת זָאגֶען. װָארִין דֶער װָאס זָאגְט נְבוּאוֹת אִיז גְרֶעסֶער פוּן דֶעם װָאס רֶעט לְשׁוֹנוֹת, אוֹיסְגֶענוּמֶען װֶען עֶר טְהוּט אוֹיסְלֵייגֶען,

אַז דִיא גֶעמֵיינְדֶע זָאל זִיךְ בֶּעסֶערְן׃
6 נון בְּרִידֶער, וֶוען אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ קוּמֶען אוּנְד זָאל רֶעדֶען לְשׁוֹנוֹת, וָואס וֶועל אִיךְ אֵייךְ הֶעלְפֶען, אוֹיסְגֶענוּמֶען וֶוען אִיךְ וֶועל צוּ אֵייךְ רֶעדֶען עֶנְטְ־וֶועדֶער אִין אַנְטְפְּלֶעקוּנְג, אָדֶער אִין וִויסֶענְשַׁאפְט, אָדֶער אִין נְבוּאוֹת, אָדֶער אִין לֶערְנוּנְג?
7 אוּנְד אוֹיךְ זַאכֶען אָהְן לֶעבֶּען וָואס טְהוּן לוֹיטֶען, עֶנְטְוֶועדֶער אַ פֵייף אָדֶער אַ פִידֶעל, וֶוען זֵייא מַאכֶען נִיט קֵיין אוּנְטֶערְשֵׁייד אִין דִיא קוֹלוֹת, וִויא אַזוֹי וֶועט מֶען וִויסֶען וָואס זֵייא פֵייפֶען אָדֶער שְׁפִּילֶען?
8 אוּנְד וֶוען אַ טְרָאמְפֵּייט זָאל גֶעבֶּען אֵיין קוֹל וָואס אִיז אוּמְבֶּעקֶענְט, וֶוער וֶועט זִיךְ פָּארְבֶּערֵייטֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה?
9 אַזוֹי אִיהְר אוֹיךְ וֶוען אִיהְר גִיבְּט נִיט קֵיין פַארְשְׁטֶענְדִיגֶע רֵייד מִיט אֵייעֶער לְשׁוֹן, וִויא אַזוֹי זָאל מֶען וִויסֶען וָואס וֶוערְט גֶעשְׁפְּרָאכֶען? וָוארִין אִיהְר וֶועט רֶעדֶען צוּם וִוינְד׃
10 עֶס זֶענֶען פָארְהַאנְדֶען פִּילֶערְלֵייא מִינִים פוּן קוֹלוֹת אִין דֶער וֶועלְט, אוּנְד קֵיינְס פוּן זֵייא אִיז נִיט אָהְן אֵיינֶע מֵיינוּנְג׃
11 אָבֶּער וֶוען אִיךְ וֵוייס נִיט דִיא מֵיינוּנְג פוּן דֶעם קוֹל, אַזוֹי וֶועל אִיךְ זַיין אֵיין פְרֶעמְדֶער צוּ דֶעם וָואס רֶעט, אוּנְד דֶער וָואס רֶעט וֶועט זַיין אֵיין פְרֶעמְדֶער צוּ מִיר׃
12 אַזוֹי אוֹיךְ אִיהְר, וַוייל אִיהְר זוּכְט נָאךְ גֵייסְטְלִיכֶע גָאבֶּען, אַזוֹי זוּכְט עֶס אוּם דִיא גֶעמֵיינְדֶע מֶעהְר צוּ פֶערְבֶּעסֶערְן׃
13 דְרוּם דֶער וָואס רֶעט אֵיין פְרֶעמְד לְשׁוֹן, לָאז עֶר בֶּעטֶען אַז עֶר זָאל עֶס קֶענֶען אוֹיסְלֵייגֶען׃
14 וָוארִין וֶוען אִיךְ בֶּעט אִין אֵיין פְרֶעמְד לְשׁוֹן, אַזוֹי טְהוּט מֵיין גֵייסְט בֶּעטֶען, אָבֶּער מֵיין פַארְשְׁטַאנְד בְּלֵייבְּט אָהְן פְּרוּכְט׃
15 וָואס אִיז עֶס דֶען? אִיךְ וִויל בֶּעטֶען מִיט דֶעם גֵייסְט, אוּנְד אִיךְ וִויל אוֹיךְ בֶּעטֶען מִיט דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד, אִיךְ וִויל זִינְגֶען מִיט דֶעם גֵייסְט, אוּנְד אִיךְ וִויל אוֹיךְ זִינְגֶען מִיט דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד׃
16 זוּנְסְט וֶוען דוּא מַאכְסְט בְּרָכָה מִיט דֶעם גֵייסְט, וִויא אַזוֹי זָאל דֶער זָאגֶען אָמֵן צוּ דֵיין בְּרָכָה וָואס שְׁטֵייט אִין דֶעם אָרְט פוּן אֵיין עַם הָאָרֶץ אוּנְד וֵוייסְט נִיט וָואס דוּא זָאגְסְט?
17 וָוארִין דוּא מַאכְסְט וָואוֹיל אֵיינֶע גוּטֶע בְּרָכָה, אָבֶּער דֶער אַנְדֶערֶער אִיז נִיט גֶעבֶּעסֶערְט׃
18 אִיךְ דַאנְק מֵיין גָאט דָאס אִיךְ רֶעד לְשׁוֹנוֹת מֶעהְר וִויא אִיהְר אַלֶע׃
19 אָבֶּער אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע וִויל אִיךְ בֶּעסֶער רֶעדֶען פִינְף וֶוערְטֶער מִיט מֵיין פֶערְשְׁטַאנְד, כְּדֵי אִיךְ זָאל אַנְדֶערֶע אוֹיךְ לֶעהְרֶען, אֵיידֶער צֶעהְן טוֹיזֶענְד וֶוערְטֶער אִין אֵיין פְרֶעמְד לְשׁוֹן׃
20 בְּרִידֶער, זֵייט נִיט קֵיינֶע קִינְדֶער אִין פֶערְשְׁטַאנְד, נֵייעֶרְט זֵייט קִינְדֶער אִין בּוֹיזְהֵייט, אָבֶּער אִין פֶערְשְׁטַאנְד זֵייט גַאנְץ׃
21 עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער תּוֹרָה, אִיךְ וֶועל רֶעדֶען צוּ דִיזֶען פָאלְק אִין פְרֶעמְדֶע לְשׁוֹנוֹת אוּנְד מִיט פְרֶעמְדֶע לֶעפְצֶען, אוּנְד אֲפִילוּ אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא מִיךְ נִיט צוּהֶערֶען, זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃

22 דָארוּם זֶענֶען לְשׁוֹנוֹת פַאר אֵיין צֵייכֶען נִיט צוּ דִיא וָואס גְלֵייבֶּען, נֵייעֶרְט צוּ דִיא אוּמְגְלֵייבִּיגֶע; אָבֶּער דָאס נְבוּאוֹת אִיז נִיט צוּ דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען נִיט, נֵייעֶרְט צוּ דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען:

23 דָארוּם וֶוען דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע קוּמְט זִיךְ צוּזַאמֶען אוֹיף אֵיין אָרְט, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אַלֶע רֶעדֶען מִיט לְשׁוֹנוֹת, אוּנְד עֶס וֶועלֶען אַרֵיינְקוּמֶען אוּמְגֶעלֶעהְרְטֶע אָדֶער אוּמְגְלֵייבִּיגֶע, וֶועלֶען זֵייא נִיט זָאגֶען אִיהְר זֶענְט מְשׁוּגָע?

24 אָבֶּער וֶוען אַלֶע זָאגֶען נְבוּאוֹת אוּנְד אֵיין אוּמְגְלֵייבִּיגֶער אָדֶער אֵיין אוּמְגֶעלֶעהְרְטֶער וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען, אַזוֹי וֶועט עֶר אִיבֶּערְצֵייגְט וֶוערֶען בֵּייא אַלֶע, אוּנְד וֶועט גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען בֵּייא אַלֶע:

25 אוּנְד אַזוֹי וֶועלֶען דִיא גֶעהֵיימְנִיסֶען פוּן זֵיין הַארְץ אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיף זֵיין פָּנִים פַאלֶען אוּנְד וֶועט גָאט דִינֶען, אוּנְד וֶועט דֶערְצֵיילֶען אַז גָאט אִיז צְוִוישֶׁען אֵייךְ אִין דֶער וָוארְהֵייט:

26 וָואס אִיז דָאס דֶען, בְּרִידֶער? וֶוען אִיהְר קוּמְט אֵייךְ צוּזַאמֶען אַזוֹי הָאט אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ אֵיין מִזְמוֹר, אוּנְד הָאט אֵיינֶע לֶערְנוּנְג, אוּנְד הָאט אֵיין לָשׁוֹן, אוּנְד הָאט אֵיינֶע אַנְטְפְּלֶעקוּנְג, אוּנְד הָאט אֵיינֶע אוֹיסְלֵייגוּנְג, לָאז אַלֶעס זֵיין צוּר פַארְבֶּעסֶערוּנְג:

27 וֶוען אֵיינֶער רֶעט אִין אֵיין אוּנְבֶּעקַאנְט לָשׁוֹן, לָאז עֶס זֵיין צְווֵייא אָדֶער צוּם מֵיינְסְטֶען דְרֵייא, אוּנְד אֵיינֶער נָאךְ דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד לָאז אֵיינֶער אוֹיסְלֵייגֶען:

28 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין אוֹיסְלֵייגֶער, אַזוֹי לָאז עֶר שְׁטִיל שְׁוַוייגֶען אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע, אוּנְד לָאז עֶר רֶעדֶען צוּ זִיךְ אוּנְד צוּ גָאט:

29 אוּנְד לָאזֶען דִיא נְבִיאִים רֶעדֶען צְווֵייא אָדֶער דְרֵייא, אוּנְד לָאזֶען דִיא אַנְדֶערֶע רִיכְטֶען:

30 אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט עֶפֶּעס אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען צוּ אֵיין אַנְדֶערְן וָואס זִיצְט דָארְטֶען, אַזוֹי לָאז דֶער עֶרְשְׁטֶער שְׁטִיל שְׁוַוייגֶען:

31 וָוארִין אִיהְר קֶענְט אַלֶע נְבוּאוֹת זָאגֶען אֵיינֶער נָאךְ דֶעם אַנְדֶערְן, דָאס אַלֶע זָאלֶען לֶערְנֶען אוּנְד אַלֶע זָאלֶען גֶעטְרֵייסְט וֶוערֶען:

32 אוּנְד דִיא רוּחוֹת פוּן דִיא נְבִיאִים זֶענֶען אוּנְטֶערְטֶעניג צוּ דִיא נְבִיאִים:

53 וָוארִין גָאט אִיז קֵיין גֶעטוּמֶעל, נֵייעֶרְט פְרִידֶען, אַזוֹי וִויא אִין אַלֶע גֶעמֵיינְדֶען פוּן דִיא הֵיילִיגֶען:

34 לָאזֶען אֵייעֶרֶע ווייבֶּער שְׁטִיל שְׁוַוייגֶען אִין דִיא גֶעמֵיינְדֶען, וָוארִין עֶס אִיז נִיט דֶערְלוֹיבְּט צוּ רֶעדֶען, נֵייעֶרְט אוּנְטֶערְטֶעניג צוּ זֵיין, אַזוֹי וִויא דִיא תּוֹרָה זָאגְט:

35 אוּנְד וֶוען זֵייא ווילֶען עֶפֶּעס לֶערְנֶען, לָאזֶען זֵייא פְרֶעגֶען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע מֶענֶער אִין דֶער הֵיים, וָוארִין עֶס אִיז אַ בּוּשָׁה פַאר אֵיינֶע פְרוֹיא צוּ רֶעדֶען אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע:

36 אִיז דֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט פוּן אֵייךְ אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען? אָדֶער אִיז עֶס נָאר צוּ אֵייךְ אַלֵיין גֶעקוּמֶען?

37 וֶוען אֵיינֶער שֵׁיינְט צוּ זֵיין אֵיין נָבִיא אָדֶער אֵיין גֵייסְטְלִיכֶער, לָאז עֶר דֶערְקֶענֶען אַז דָאס וָואס אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ זֶענֶען דִיא מִצְוֹת פוּן דֶעם הַאר:

38 אָבֶער וֶוען אֵיינֶער אִיז אֵיין עַם הָאָרֶץ, לָאז עֶר זַיין אֵיין עַם הָאָרֶץ:

39 דָארוּם בְּרִידֶער, זוּכְט נְבוּאוֹת צוּ זָאגֶען, אוּנְד פַארְוֶועהְרְט נִיט צוּ רֶעדֶען מִיט לְשׁוֹנוֹת:

40 לָאז אַלֶעס גֶעטְהוּן וֶוערֶען מִיט אַנְשְׁטַאנְד אוּנְד אִין אָרְדְנוּנְג:

## קאפיטעל טו

1 אוּנְד אִיךְ לָאז אֵייךְ וִויסֶען, בְּרִידֶער, דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט, וֶועלְכֶעס אִיהְר הָאט אוֹיךְ אַנְטְפַאנְגֶען, אוּנְד אִין וֶועלְכֶען אִיהְר שְׁטֵייט:

2 דוּרְךְ וֶועלְכֶען אִיהְר וֶוערְט אוֹיךְ גֶערֶעטֶעט וֶוען אִיהְר הַאלְט פֶּעסְט דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט, אוֹיסְגֶענוּמֶען אִיהְר הָאט גֶעגְלֵייבְּט אוּמְזוּנְסְט:

3 וָוארִין אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ צוּם עֶרְשְׁטֶען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ אַנְטְפַאנְגֶען, אַז מָשִׁיחַ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְדֶען, אַזוֹי וִויא דִיא הֵיילִיגֶע שְׁרִיפְט זָאגְט:

4 אוּנְד אַז עֶר אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען, אוּנְד אַז עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען דֶעם דְרִיטֶען טָאג, אַזוֹי וִויא דִיא הֵיילִיגֶע שְׁרִיפְט זָאגְט:

5 אוּנְד אַז עֶר הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ כֵּיפַאס אוּנְד דֶערְנָאךְ צוּ דִיא צְוֶועלְף:

6 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ מֶעהְר וִויא פִינְף הוּנְדֶערְט בְּרִידֶער מִיט אַמָאל, אוּנְד דִיא מֵיינְסְטֶע פוּן זֵייא לֶעבֶּען נָאךְ אַצוּנְד, אוּנְד עֶטְלִיכֶע זֶענֶען אַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען:

7 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ יַעֲקֹב, אוּנְד דֶערְנָאךְ צוּ אַלֶע אַפָּאסְטֶעלְן:

8 נָאךְ אַלֶעס הָאט עֶר זִיךְ צוּ מִיר אוֹיךְ בֶּעווִיזֶען, וִויא צוּ אֵיין אוּנְצֵייטִיג קִינְד:

10 אָבֶּער דוּרְךְ דֶער גְנָאד פוּן גָאט בִּין אִיךְ וָואס אִיךְ בִּין, אוּנְד זַיינֶע גְנָאד קֶעגֶען מִיר אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אוּמְזוּנְסְט, נֵייעֶרְט אִיךְ הָאבּ גֶעאַרְבֵּייט מֶעהְר וִויא זֵייא אַלֶע, אוּנְד נִיט אִיךְ, נֵייעֶרְט דִיא גְנָאד פוּן גָאט וָואס אִיז אִין מִיר:

11 דְרוּם אוֹיבּ אִיךְ בִּין דָאס אָדֶער זֵייא, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר גֶעפְּרֶעדִיגְט, אוּנְד אַזוֹי הָאט אִיהְר גֶעגְלֵייבְּט:

12 נוּן וֶוען מָשִׁיחַ וֶוערְט גֶעפְּרֶעדִיגְט, אַז עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנְגֶען פוּן טוֹיט, וִויא אַזוֹי זָאגֶען עֶטְלִיכֶע פוּן אֵייךְ אַז עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנְגֶען קֵיין תְּחִיַּת הַמֵּתִים:

13 אָבֶער וֶוען עֶס אִיז נִיט פַארְהַאנְגֶען קֵיין תְּחִיַּת הַמֵּתִים, אַזוֹי אִיז מָשִׁיחַ אוֹיךְ נִיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנְגֶען:

14 אוּנְד וֶוען מָשִׁיחַ אִיז נִיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנְגֶען אַזוֹי אִיז אוּנְזֶער פְּרֶעדִיגֶען אוּמְזוּנְסְט, אוּנְד אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען אִיז אוֹיךְ אוּמְזוּנְסְט:

15 אוּנְד מִיר וֶוערֶען אוֹיךְ גֶעפוּנְגֶען פַאלְשֶׁע עֵדוּת פוּן גָאט, וָוארִין מִיר הָאבֶּען עֵדוּת גֶעזָאגְט אוֹיף גָאט אַז עֶר הָאט דֶעם מָשִׁיחַ אוֹיפְגֶעוֶועקְט, וֶועלְכֶען עֶר הָאט נִיט אוֹיפְגֶעוֶועקְט, וֶוען דִיא טוֹיטֶע שְׁטֵייעֶן נִיט אוֹיף:

16 וָוארִין וֶוען דִיא טוֹיטֶע שְׁטֵייעֶן נִיט אוֹיף, אַזוֹי אִיז מָשִׁיחַ אוֹיךְ נִיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנְגֶען:

17 אוּנְד וֶוען מָשִׁיחַ אִיז נִיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנְגֶען, אַזוֹי אִיז אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען הֶבֶל, אִיהְר זֶענְט נָאךְ אִין אֵייעֶרֶע זִינְדֶען:

אונד

18 אוּנְד אוֹיךְ דִיא וָואס זֶענֶען אַנְטשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען אִין מָשִׁיחַ זֶענֶען פַארְלוֹירֶען :

19 אוּנְד וֶוען אוּנְזֶער הָאפְנוּנְג אִין מָשִׁיחַ אִין נָאר אִין דִיזֶען לֶעבֶּען אַלֵיין, אַזוֹי זֶענֶען מִיר עֶלֶענְדֶער וִויא אַלֶע מֶענְשֶׁען :

20 אָבֶּער אַצוּנְד אִיז מָשִׁיחַ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דֶעם טוֹיט, אוּנְד עֶר וַואר דִיא עֶרְשְׁטֶע פְּרוּכְט פוּן דִיא וָואס זֶענֶען אַנְטשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען :

21 וָוארִין זִינְטְמָאל דֶער טוֹיט אִיז גֶעקוּמֶען דוּרְךְ אֵיין מֶענְשׁ, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֶער אוֹיפְשְׁטַאנְד פוּן דֶעם טוֹיט דוּרְךְ אֵיין מֶענְשׁ :

22 וָוארִין אַזוֹי וִויא אַלֶע זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין אָדָם, אַזוֹי וֶועלֶען אַלֶע לֶעבֶּעדִיג וֶוערֶען אִין מָשִׁיחַ :

23 אוּנְד אִיטְלִיכֶער אִין זַיינֶע אָרְדֶענוּנְג, מָשִׁיחַ דִיא עֶרְשְׁטֶע פְּרוּכְט, דֶערְנָאךְ דִיא וָואס קֶערֶען צוּ מָשִׁיחַ, וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען :

24 דֶערְנָאךְ וֶועט זַיין דֶער סוֹף, וֶוען עֶר וֶועט אִיבֶּערְגֶעבֶּען דָאס קֶענִיגְרַייךְ צוּ גָאט דֶעם פָאטֶער, וֶוען עֶר וֶועט חָרוּב מַאכֶען אַלֶע הֶערְשַׁאפְט אוּנְד אַלֶע גֶעוֶועלְטִיגְקַייטֶען אוּנְד מַאכְט :

25 וָוארִין עֶר מוּז הֶערְשֶׁען בִּיז עֶר וֶועט לֵייגֶען אַלֶע פַיינְד אוּנְטֶער זַיינֶע פִּיס :

26 אוּנְד דֶער לֶעצְטֶער פַיינְד וָואס וֶועט חָרוּב גֶעמַאכְט וָוארֶען אִיז דֶער טוֹיט :

27 וָוארִין עֶר הָאט אַלֶעס אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט אוּנְטֶער זַיינֶע פִּיס, אָבֶּער וֶוען עֶר זָאגְט אַז אַלֶעס אִיז צוּ אִיהְם אוּנְטֶערְטֶענִיג, אַזוֹי אִיז עֶר גֶעווִיס אַז דֶער אִיז אוֹיסְגֶענוּמֶען וָואס הָאט אַלֶעס צוּ אִיהְם אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט :

28 אוּנְד וֶוען אַלֶעס וֶועט צוּ אִיהְם אוּנְטֶערְטֶענִיג זַיין, דֶענְסְמָאלְט וֶועט דֶער זוּהְן זֶעלְבְּסְט אוֹיךְ אוּנְטֶערְטֶענִיג זַיין צוּ דֶעם וָואס הָאט אַלֶעס אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט צוּ אִיהְם, אַז גָאט זָאל זַיין אַלֶעס אִין אַלֶעס :

29 זוּנְסְט וָואס וֶועלֶען דִיא טְהוּן וָואס זֶענֶען גֶעטוֹיפְט גֶעוָוארֶען וֶועגֶען דִיא טוֹיטֶען ? וֶוען דִיא טוֹיטֶע זָאלֶען גָאר נִיט אוֹיפְשְׁטֵיין, וָוארוּם זֶענֶען זֵייא גֶעטוֹיפְט גֶעוָוארֶען וֶועגֶען דִיא טוֹיטֶען ? אוּנְד וָוארוּם זֶענֶען מִיר אַלֶע שָׁעָה אִין אֵיינֶע סַכָּנָה ?

30 אִיךְ פַארזִיכֶער אֵייךְ בֵּייא אוּנְזֶערֶען רוּהְם וָואס אִיךְ הָאבּ אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶער הַאר, אִיךְ שְׁטַארְבּ טֶעגְלִיךְ :

32 וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעפָּאכְטֶען מִיט ווִילְדֶע חַיוֹת אִין עֶפֶעזוּס אוֹיף מֶענְשׁ־לִיכֶער אַרְט, וָואס נוּצְט עֶס מִיר ? וֶוען דִיא טוֹיטֶע שְׁטֵיין נִיט אוֹיף, לָאזֶען מִיר עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען, וָוארִין מָארְגֶען שְׁטַארְבֶּען מִיר :

33 לָאזְט אֵייךְ נִיט פַארְפִיהְרֶען, בֵּייזֶע רֵייד פַארְדַארְבֶּען גוּטֶע מִנְהָגִים :

34 וַואכְט אוֹיף צוּר גֶערֶעכְטִיגְקַייט, אוּנְד זִינְדִיגְט נִיט, וָוארִין עֶטְלִיכֶע קֶענֶען נִיט גָאט ; אִיךְ זָאג דָאס צוּ אֵיירֶע שַׁאנְד :

35 אָבֶּער וֶוען אֵיינֶער וֶועט זָאגֶען, ווִיא אַזוֹי טְהוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְשְׁטֵיין ? אוּנְד מִיט וָואס פַאר לֵייבֶּער קוּמֶען זֵייא ?

36 דוּא נַאר, וָואס דוּא זֵייעֶסְט, דָאס לֶעבְּט נִיט בִּיז עֶס שְׁטַארְבְּט פְרִיהֶר :



אוּנְד

37 אוּנְד דָאס וָואס דוּא זֵייעֶסְט, אַזוֹי זֵייעֶסְט דוּא נִיט דֶעם לֵייבּ וָואס וֶועט אַרוֹיס קוּמֶען, נֵייעֶרְט בְּלוֹיסֶען זָאמֶען, עֶנְטוֶעדֶער ווייץ אָדֶער עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ:

38 אָבֶּער גָאט גִיבְּט עֶס אֵיין לֵייבּ נָאךְ זַיין ווִילֶען, אוּנְד צוּ אִיטְלִיכֶען זָאמֶען זַיין אֵייגֶענֶעם לֵייבּ:

39 נִיט אַלֶעס פְלֵיישׁ אִיז דָאס זֶעלְבִּיגֶע פְלֵיישׁ, נֵייעֶרְט אֵיינְס אִיז דָאס פְלֵיישׁ פוּן מֶענְשֶׁען, אֵיין אַנְדֶערֶעס פְלֵיישׁ פוּן בְּהֵמוֹת, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶעס פוּן פִישׁ, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶעס פוּן עוֹפוֹת:

40 אוּנְד דָא זֶענֶען הִימְלִישֶׁע לֵייבֶּער אוּנְד עֶרְדִישֶׁע לֵייבֶּער, אָבֶּער דִיא הִימְלִישֶׁע הָאבֶּען אֵיינֶע אַנְדֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד דִיא אִירְדִישֶׁע אֵיינֶע אַנְדֶערֶע:

41 דיא זוּן הָאט אֵיין אַנְדֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד דִיא לְבָנָה אֵיינֶע אַנְדֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד דִיא שְׁטֶערֶען אֵיינֶע אַנְדֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט; וָוארִין אֵיין שְׁטֶערֶען הָאט מֶעהְר הֶערְלִיכְקֵייט פוּן אֵיין אַנְדֶערְן:

42 אַזוֹי אִיז אוֹיךְ תְּחִיַּת הַמֵּתִים; עֶס וֶוערְט גֶעזֵייעֶט אִין פַארְדַארְבֶּענִיס, אוּנְד עֶס שְׁטֵייט אוֹיף אָהְן פַארְדַארְבֶּענִיס:

43 עֶס וֶוערְט גֶעזֵייעֶט אִין שַׁאנְד, אוּנְד עֶס שְׁטֵייט אוֹיף אִין הֶערְלִיכְקֵייט, עֶס וֶוערְט גֶעזֵייעֶט אִין שְׁוַואכְהֵייט, אוּנְד עֶס שְׁטֵייט אוֹיף מִיט מַאכְט:

44 עֶס וֶוערְט גֶעזֵייעֶט אַ נַאטוּרְלִיכֶער לֵייבּ, אוּנְד עֶס שְׁטֵייט אוֹיף אֵיין גֵייסְטְלִיכֶער לֵייבּ, עֶס אִיז פַארְהַאנְדֶען אַ נַאטוּרְלִיכֶער לֵייבּ, אוּנְד עֶס אִיז פַארְהַאנְדֶען אַ גֵייסְטְלִיכֶער לֵייבּ:

45 אוּנְד עֶס שְׁטֵייט אַזוֹי גֶעשְׁרִיבֶּען, דֶער עֶרְשְׁטֶער מֶענְשׁ (אָדָם הָרִאשׁוֹן) אִיז גֶעוָוארֶען אֵיינֶע לֶעבֶּעדִיגֶע זֵייל, אוּנְד דֶער לֶעצְטֶער אָדָם אִיז אֵיין גֵייסְט וָואס מַאכְט לֶעבֶּעדִיג:

46 אָבֶּער דָאס גֵייסְטְלִיכֶע אִיז נִיט דָאס עֶרְשְׁטֶע נֵייעֶרְט דָאס נַאטוּרְלִיכֶע, אוּנְד דֶערְנָאךְ דָאס גֵייסְטְלִיכֶע:

47 דֶער עֶרְשְׁטֶער מֶענְשׁ אִיז פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד אִיז אִירְדִישׁ, דֶער צְוֵייטֶער מֶענְשׁ אִיז דֶער הַאר פוּן דֶעם הִימֶעל:

48 זָאלְכֶער וִויא דֶער אִירְדִישֶׁער וַואר, זָאלְכֶע זֶענֶען אוֹיךְ דִיא וָואס זֶענֶען אִירְדִישֶׁע, אוּנְד זָאלְכֶער וִויא דֶער הִימְלִישֶׁער וַואר, זָאלְכֶע זֶענֶען אוֹיךְ דִיא וָואס זֶענֶען הִימְלִישֶׁע:

49 אוּנְד אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דָאס בִּילְד פוּן דֶעם אִירְדִישֶׁען, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אוֹיךְ טְרָאגֶען דָאס בִּילְד פוּן דֶעם הִימְלִישֶׁען:

50 אָבֶּער דָאס זָאג אִיךְ אֵייךְ, בְּרִידֶער, אַז פְלֵיישׁ אוּנְד בְּלוּט קֶען נִיט עֶרְבֶּען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, אוּנְד דִיא פַארְדַארְבֶּענִיס וֶועט נִיט עֶרְבֶּען דָאס וָואס אִיז אוּמְפַארְדָארְבֶּען:

51 זֶעהְט, אִיךְ זָאג אֵייךְ אֵיין גֶעהֵיימְנִיס, מִיר וֶועלֶען נִיט אַלֶע אַנְטְשְׁלָאפֶען וֶוערֶען, אָבֶּער מִיר וֶועלֶען אַלֶע פַארְוֶועקְסֶעלְט וֶוערֶען:

52 פְלוּצְלִינְג, אִין אֵיין אוֹיגֶענְבְּלִיק, בֵּייא דֶעם לֶעצְטֶען שׁוֹפָר; וָוארִין מֶען וֶועט שׁוֹפָר בְּלָאזֶען, אוּנְד דִיא טוֹיטֶע וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין אָהְן פַארְדַארְבֶּענִיס, אוּנְד מִיר וֶועלֶען פַארְוֶועקְסֶעלְט וֶוערֶען:

53 וָוארִין דִיזֶעס פַארְדַארְבֶּענֶע וֶועט

אַנטְהוּן דָאס וָואס אִיז אוּמְפַארְדָארְבֶּען,
אוּנְד דִיזֶעס שְׁטֶערְבּלִיכֶע מוּז אָנְטְהוּן
דִיא אוּמְשְׁטֶערְבְּלִיכְקֵייט:
54 אוּנְד וֶוען דִיזֶעס פַארְדָארְבֶּענֶע
וֶועט אָנְטְהוּן דָאס וָואס אִיז אוּמְפַאר־
דָארְבֶּען, אוּנְד דִיזֶעס שְׁטֶערְבְּלִיכֶע
וֶועט אָנְטְהוּן דִיא אוּמְשְׁטֶערְבְּלִיכְקֵייט,
אַזוֹי וֶועט מְקוּיָם וֶוערֶען דִיא רֵייד וָואס
אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען, דֶער טוֹיט אִיז פַאר־
שְׁלוּנְגֶען אִין דֶעם זִיג:
55 אוֹי טוֹיט, וְואוּ אִיז דֵיין גִיפְט?
אוֹי שְׁאוֹל וְואוּ אִיז דֵיין זִיג?
56 דָאס גִיפְט פוּן דֶעם טוֹיט אִיז דִיא
זִינְד, אוּנְד דִיא מַאכְט פוּן דֶער זִינְד
אִיז דָאס גֶעזֶעץ:
57 אָבֶּער גָאט זַייא גֶעדַאנְקְט וָואס
גִיבְּט אוּנְס דֶעם זִיג דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ
אוּנְזֶער הַאר:
58 דְרוּם מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע בְּרִידֶער,
זַייט פֶעסְט, אוּמְבֶּעוֶועגְלִיךְ, אוּנְד
מֶעהְרְט אֵייךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין דֶעם
וֶוערְק פוּן דֶעם הַאר, וַוייל אִיהְר ווייסְט
אַז אֵיירֶע אַרְבֵּייט אִיז נִיט אוּמְזוּנְסְט
אִין דֶעם הַאר:

## קאפיטעל טז

1 אוּנְד וֶועגֶען דִיא נְדָבוֹת זַאמְלוּנְג
פַאר דִיא הֵיילִיגֶע, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ
בֶּעפוֹילֶען צוּ דִיא גֶעמֵיינְדֶע פוּן
גַאלַאטְיָא, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אוֹיךְ
טְהוּן:
2 אָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶער
וָואךְ לָאז אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ בֵּייא
דֶער זַייט לֵייגֶען, אוּנְד לָאז עֶר
אֵיינְזַאמֶעלְן, נָאכְדֶעם וִויא עֶר אִיז
מַצְלִיחַ, דָאס אִיהְר זָאלְט נִיט קֵיין
נְדָבוֹת מַאכֶען וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען:
3 אוּנְד וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען, אַזוֹי
וֶועל אִיךְ שִׁיקֶען דִיזֶע וָואס אִיהְר וֶועט
זַייא אַכְטֶען דוּרְךְ בְּרִיף, זַייא צוּ
בְּרֶענְגֶען אֵיירֶע נְדָבָה קֵיין יְרוּשָׁלַיִם:
4 אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט רֶעכְט זַיין
אַז אִיךְ זָאל אוֹיךְ גֵיין, אַזוֹי וֶועלֶען
זַייא גֵיין מִיט מִיר:
5 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ אֵייךְ קוּמֶען
וֶוען אִיךְ וֶועל דוּרְכְגֵיין דוּרְךְ מַקְדוֹנְיָא,
וָוארִין אִיךְ וֶועל גֵיין דוּרְךְ מַקְדוֹנְיָא:
6 אוּנְד אֶפְשַׁר וֶועל אִיךְ בֵּייא אֵייךְ
בְּלֵייבֶּען, אָדֶער אִיךְ וֶועל אוֹיךְ אִיבֶּער
ווינְטֶערְן, דָאס אִיהְר זָאלְט מִיךְ פָארְט
שִׁיקֶען וְויא אַהִין אִיךְ וֶועל גֵיין:
7 וָוארִין אִיךְ וֶועל אֵייךְ נִיט זֶעהֶען
אַצוּנְד אִים פַארְבֵּייפָארֶען, אָבֶּער אִיךְ
הָאף בֵּייא אֵייךְ צוּ בְּלֵייבֶּען פַאר אֵיינֶע
צֵייט לַאנְג, וֶוען דֶער הַאר וֶועט
דֶערְלוֹיבֶּען:
8 אוּנְד אִיךְ וֶועל בְּלֵייבֶּען אִין
עֶפֶעזוּס בִּיז שְׁבוּעוֹת:
9 וָוארִין אֵיינֶע גְרוֹיסֶע אוּנְד מֶעכְטִיגֶע
טְהִיר אִיז צוּ מִיר אוֹיפְגֶעמַאכְט, דָא
זֶענֶען פִילֶע ווידֶערוֶוערְטִיגֶע:
10 אוּנְד וֶוען טֶעמָאטֶעאוּס וֶועט
קוּמֶען גִיבְּט אַכְטוּנְג עֶר זָאל מִיט
אֵייךְ זַיין אָהְן פָארְכְט; וָוארִין עֶר
ווירְקְט דָאס וֶוערְק פוּן דֶעם הַאר
גְרָאד אַזוֹי וְויא אִיךְ:
11 דְרוּם לָאז אִיהְם קֵיינֶער נִיט פַאר
גְרִינְג הַאלְטֶען, אוּנְד שִׁיקְט אִיהְם
פָארְט אִין פְרִידֶען, אַז עֶר זָאל צוּ מִיר
קוּמֶען, וָוארִין אִיךְ וַוארְט אוֹיף אִיהְם
מִיט דִיא בְּרִידֶער:
12 אוּנְד וֶועגֶען אוּנְזֶער בְּרוּדֶער
אַפָּאלָאס, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אִיהְם זֵייעֶר
גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל צוּ אֵייךְ קוּמֶען
מִיט דִיא בְּרִידֶער, אוּנְד עֶס אִיז גָאר

ניט

נִיט גֶעוֶועזֶען זַיין ווִילֶען עֶר זָאל אַצוּנְד
קוּמֶען, אָבֶּער עֶר וֶועט קוּמֶען וֶוען עֶר
וֶועט אַ גוּטֶע צַייט הָאבֶּען:
13 וַואכְט, שְׁטֵייט פֶּעסְט אִין דֶעם
גְלוֹיבֶּען, זַייט מֶענֶער, אוּנְד זַייט
שְׁטַארְק:
14 לָאזֶען אַלֶע אֵיירֶע זַאכֶען גֶעשֶׁעהֶען אִין לִיבְּשַׁאפְט:
15 אוּנְד אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, בְּרִידֶער,
(אִיהְר קֶענְט דָאס הויז פוּן סְטֶעפַאנוּס,
אַז עֶס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט פוּן
אַכַאיָא, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ אָפְּגֶעגֶעבֶּען דִיא הֵיילִיגֶען צוּ בַּאדִינֶען):
16 אַז אִיהְר זָאלְט אוּנְטֶערְטֶענִיג זַיין
צוּ זָאלְכֶע, אוּנְד צוּ אִיטְלִיכֶען וָואס
ווִירְקְט אוּנְד אַרְבֵּייט מִיט אוּנְס:
17 אוּנְד אִיךְ פְרֵייא מִיךְ וָואס
סְטֶעפַאנוּס אוּנְד פָארְטוּנַאטוּס אוּנְד
אַכַאיָאקוּס זֶענֶען מִיט אוּנְס, וָוארִין
זַייא הָאבֶּען דֶערְפִילְט וָואס אִיךְ הָאבּ
בֶּעדַארְפְט פוּן אֵייךְ:
18 וָוארִין זַייא הָאבֶּען דֶערפְרִיישְׁט
מַיין גֶעמִיט אוּנְד אֵייעֶרֶס, דְרוּם דֶערְקֶענְט זָאלְכֶע:
19 דִיא גֶעמֵיינְדֶען פוּן אַזְיָא גְרִיסֶען
אֵייךְ, אַקְווִילָא אוּנְד פְּרִיסְקִילָא גְרִיסֶען
אֵייךְ זֵייעֶר אִין דֶעם הַאר, אוּנְד אוֹיךְ
דִיא גֶעמֵיינְדֶע וָואס אִיז אִין זֵייעֶר
הויז:
20 אַלֶע בְּרִידֶער גְרִיסֶען אֵייךְ, גְרִיסְט
אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן מִיט אֵיין הֵיילִיגֶען קִ״שׁ:
21 אִיךְ פּוֹלוּס גְרִיס אֵייךְ מִיט מֵיין
אֵייגֶענֶער הַאנְד:
22 וֶוען אֵיינֶער לִיבְּט נִיט דֶעם הַאר
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, לָאז עֶר זַיין אִין חֵרֶם,
מָרָן אָתָא:
23 דִיא גְנָאד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ זַייא מִיט אֵייךְ:
24 מֵיינֶע לִיבְּשַׁאפְט זַייא מִיט אֵייךְ
אַלֶע אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אָמֵן:

דער ערשטער בריף צו דיא קארינטער וואר געשיקט פֿון פֿיליפּי דורך סטעפֿאנוס אונד פֿארטונאטוס אונד אכאיאקוס אונד טעמאטעוס.

# דֶער צְווייטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פּוֹלוּס צוּ דִיא קָארִינְטֶער.

1 פּוֹלוּס אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ, דוּרְךְ דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט,
אוּנְד טִימָאטֶעוּס אוּנְזֶער בְּרוּדֶער, צוּ
דֶער גֶעמֵיינְדֶע פוּן גָאט וָואס אִיז אִין
קָארִינְט, אוּנְד צוּ אַלֶען הֵיילִיגֶע וָואס
זֶענֶען אִין גַאנְץ אַכַאיָא:
2 גְנָאד זַייא מִיט אֵייךְ אוּנְד פְרִידֶען
פוּן גָאט אוּנְזֶער פָאטֶער, אוּנְד פוּן
דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:
3 גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאט אוּנְד דֶער פָאטֶער פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ,
דֶער פָאטֶער פוּן בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט
אוּנְד דֶער גָאט פוּן אַלֶע טְרֵייסְט:
4 וָואס טְהוּט אוּנְס טְרֵייסְטֶען אִין
אַלֶע אוּנְזֶערֶע צָרוֹת, אַז מִיר זָאלֶען
קֶענֶען טְרֵייסְטֶען דִיא וָואס זֶענֶען אִין

אַלֶערלֵייא צָרוֹת מִיט דֶעם טְרֵייסְט וָואס מִיר זֶעלְבְּסְט וֶוערֶען גֶעטְרֵייסְט פוּן גָאט :

5 וָוארִין אַזוֹי וִויא דִיא לֵיידֶען פוּן מָשִׁיחַ מֶעהְרֶען זִיךְ אִין אוּנְס, אַזוֹי מֶעהְרְט זִיךְ אוֹיךְ אוּנְזֶער טְרֵייסְט דוּרְךְ מָשִׁיחַ :

6 אוּנְד וֶוען מִיר לֵיידֶען צָרוֹת, אַזוֹי אִיז עֶס פַאר אֵייעֶר טְרֵייסְט אוּנְד רֶעטוּנְג, וָואס אִיז מֶעכְטִיג אִין דֶער גֶעדוּלְד פוּן דִיא זֶעלְבִּיגֶע צָרוֹת וָואס מִיר טְהוּן אוֹיךְ לֵיידֶען ; אָדֶער וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעטְרֵייסְט, אַזוֹי אִיז עֶס פַאר אֵייעֶר טְרֵייסְט אוּנְד רֶעטוּנְג :

7 אוּנְד אוּנְזֶערֶע הָאפְנוּנְג אִין אֵייךְ אִיז פֶעסְט ; וָוארִין מִיר וִויסֶען אַז גְלֵייךְ וִויא אִיהְר הָאט אַ טֵייל אִין דִיא לֵיידֶען, אַזוֹי וֶועט אִיהְר אוֹיךְ הָאבֶּען אִין דֶעם טרוֹיסְט :

8 וָוארִין מִיר וִוילֶען נִיט פוּן אֵייךְ פַארְהָעלֶען, בְּרִידֶער, אוּנְזֶערֶע צָרוֹת וָואס זֶענֶען אוּנְס גֶעשֶׁעהֶען אִין אַזְיָא, דָאס מִיר הָאבֶּען זֵייעֶר שְׁוֶוער גֶעלִיטֶען אִיבֶּער אוּנְזֶערֶע קְרַאפְט, בִּיז מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ אוּנְזֶער לֶעבֶּען פֶער־צְווייפֶעלְט :

9 אוּנְד מִיר הָאבֶּען אִין אוּנְס זֶעלְבְּסְט גֶעהַאט דָאס מִשְׁפָּט פוּן טוֹיט, אַז מִיר זָאלֶען זִיךְ נִיט פַארְזִיכֶערֶען אִין אוּנְס זֶעלְבְּסְט, נֵייעֶרְט אִין גָאט וָואס מַאכְט לֶעבֶּעדִיג דִיא טוֹיטֶע :

10 וָואס הָאט אוּנְס מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן אַזוֹי אֵיין גְרוֹיסֶען טוֹיט, אוּנְד טְהוּט אוּנְס מַצִיל זַיין, אִין וֶועלְכֶען מִיר הָאפֶען אַז עֶר וֶועט אוּנְס ווייטֶער מַצִיל זַיין :

11 וֶוען אִיהְר וֶועט אוּנְס אוֹיךְ הֶעלְפֶען אִין אֵייעֶר גֶעבֶּעט פַאר אוּנְס, דָאס פִילֶע זָאלֶען פַאר אוּנְס דַאנְקֶען וֶועגֶען דֶער גָאבּ וָואס מִיר הָאבֶּען דוּרְךְ פִילֶע :

12 וָוארִין דָאס אִיז אוּנְזֶערֶע פְרֵייד, דָאס בֶּעצֵייגְנִיס פוּן אוּנְזֶער גֶעווִיסֶען, אַז מִיר הָאבֶּען גֶעהַנְדֶעלְט אִין דֶער וֶועלְט מִיט גַאנְצְהַייט אוּנְד מִיט גֶעטְלִיכֶער לוֹיטֶערְקַייט, נִיט אִין מֶענְשְׁלִיכֶער ווייזְהַייט, נֵייעֶרְט אִין דֶער גְנָאד פוּן גָאט ; אוּנְד בֶּעזוּנְדֶערְס קֶעגֶען אֵייךְ :

13 וָוארִין מִיר שְׁרֵייבֶּען אֵייךְ נִיט קֵיינֶע אַנְדֶערֶע זַאכֶען נֵייעֶרְט וָואס אִיהְר לֵיינְט אוּנְד בֶּעקֶענְט, אוּנְד אִיךְ הָאף אַז אִיהְר וֶועט עֶס בֶּעקֶענֶען בִּיז צוּם עֶנְד :

14 אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט אוּנְס אוֹיךְ בֶּעקֶענְט צוּם טֵייל, אַז מִיר זֶענֶען אֵייעֶרֶע פְרֵייד אַזוֹי וִויא אִיהְר זֶענְט אוּנְזֶערֶע אִין דֶעם טָאג פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ :

15 אוּנְד אִין דִיזֶער הָאפְנוּנְג הָאבּ אִיךְ פְרִיהֶער גֶעווּינְשְׁט צוּ אֵייךְ צוּ קוּמֶען, אַז אִיהְר זָאלְט הָאבֶּען אַ צְווייטֶע גָאבּ :

16 אוּנְד דוּרְךְ אֵייךְ צוּ גֵיין קֵיין מַקְדוֹנְיָא, אוּנְד וִוידֶער פוּן מַקְדוֹנְיָא צוּ אֵייךְ צוּ קוּמֶען, אוּנְד בֵּייא אֵייךְ פָארְט גֶעשִׁיקְט צוּ וֶוערֶען קֵיין יְהוּדָה :

17 דְרוּם וֶוען אִיךְ הָאבּ דָאס גֶע־ווּינְשְׁט, הָאבּ אִיךְ עֶפֶּעס גְרִינְגְהַייט בֶּענוּצְט ? אָדֶער דָאס וָואס אִיךְ ווּינְשׁ, ווּינְשׁ אִיךְ עֶס דֶען נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, אַז עֶס זָאל בֵּייא מִיר זַיין יוֹא, יוֹא, אוּנְד נֵיין, נֵיין ?

18 אָבֶּער אַזוֹי וִויא גָאט אִיז בֶּע־גְלֵייבְּט, אַז אוּנְזֶערֶע רֵייד צוּ אֵייךְ זֶענֶען נִיט גֶעוֶועזֶען יוֹא אוּנְד נֵיין :



ווארין

19 וָוארִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, דֶער זוּהְן
פוּן גָאט, וָואס וַואר דוּרְךְ אוּנְס גֶע־
פְּרֶעדִיגְט צְוִוישֶׁען אֵייךְ, דוּרְךְ מִיר
אוּנְד סִילְוַואנוּס אוּנְד טִימָאטֶעוּס, אִיז
נִיט גֶעוֶועזֶען יוֹא אוּנְד נֵיין, נֵייעֶרְט
אִין אִיהְם אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען יוֹא:
20 וָוארִין אַלֶע הַבְטָחוֹת פוּן גָאט
זֶענֶען אִין אִיהְם יוֹא, אוּנְד אִין אִיהְם
אָמֵן, צוּם כָּבוֹד פוּן גָאט דוּרְךְ אוּנְס:
21 אוּנְד דֶער וָואס בֶּעפֶעסְטִיגְט אוּנְס
מִיט אֵייךְ אִין מָשִׁיחַ אוּנְד וָואס הָאט
אוּנְס גֶעזַאלְבְּט, אִיז גָאט:
22 וָואס הָאט אוּנְס אוֹיךְ פַארְזִיגֶעלְט,
אוּנְד הָאט גֶעגֶעבֶּען דִיא פֶערְזִיכֶערוּנְג
פוּן דֶעם רוּחַ אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער:
23 אוּנְד אִיךְ רוּף גָאט צוּ עֵדוּת
אִיבֶּער מֵיינֶע נְשָׁמָה, דָאס אִיךְ בִּין
אַצוּנְד נִיט גֶעקוּמֶען קֵיין קָארִינְט אוּם
אֵייךְ צוּ פַארְשׁוֹינֶען:
24 נִיט וֵוייל מִיר הֶערְשֶׁען אִיבֶּער
אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, נֵייעֶרְט מִיר זֶיְנֶען דִיא
הֶעלְפֶערְס פוּן אֵייעֶרֶע פְרֵייד, וָוארִין
אִיהְר שְׁטֵייט אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען:

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד דָאס הָאבּ אִיךְ מִיר זֶעלְבְּסְט
פָארְגֶענוּמֶען, אַז אִיךְ זָאל נִיט ווִידֶער
צוּ אֵייךְ קוּמֶען מִיט צַעַר:
2 וָוארִין וֶוען אִיךְ בִּין אֵייךְ מְצַעֵר,
וֶוער וֶועט מִיךְ דֶען מְשַׂמֵחַ זֵיין, נֵייעֶרְט
דֶער וָואס אִיז דוּרְךְ מִיר טְרוֹירִיג גֶעוָוא־
רֶען:
3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ דִיזֶעס גֶע־
שְׁרִיבֶּען, דָאס וֶוען אִיךְ ווֶעל קוּמֶען
זָאל אִיךְ נִיט הָאבֶּען קֵיין צַעַר פוּן
דִיא וָואס אִיךְ קֶעהְר מִיךְ מִיט זֵייא
צוּ פְרֵייעֶן, וָוארִין אִיךְ הָאף אִין אֵייךְ
אַלֶע אַז מֵיינֶע פְרֵייד אִיז דִיא פְרֵייד פוּן
אֵייךְ אַלֶע:
4 וָוארִין אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען
מִיט פִיל טְרֶערֶען אִין גְרוֹיסֶער צָרָה
אוּנְד אַנְגְסְט פוּן הַארְץ, נִיט אַז אִיהְר
זָאלְט אֵייךְ מְצַעֵר זֵיין, נֵייעֶרְט אַז
אִיהְר זָאלְט וִויסֶען דִיא גְרוֹיסֶע לִיבּ־
שַׁאפְט וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ:
5 אָבֶּער וֶוען אֵיינֶער הָאט יוֹא צַעַר
גֶעמַאכְט, אַזוֹי הָאט עֶר מִיךְ נִיט מְצַעֵר
גֶעוֶועזֶען, נֵייעֶרְט צוּם טֵייל, אוּנְד אִיךְ
ווִיל אֵייךְ נִיט אַלֶע בֶּעשְׁוֶוערֶען:
6 דִיזֶע שְׁטְרָאף וָואס אִיז פוּן פִילֶען
אִיז גֶענוּג פַאר אֵיין זָאלְכֶען:
7 אוּנְד אַדְרַבָּה, אִיהְר קֶעהְרְט אִיהְם
בֶּעסֶער צוּ פַארְגֶעבֶּען אוּנְד צוּ טְרֵייסְ־
טֶען, אַז אַ זָאלְכֶער זָאל נִיט פַארְזִינְקֶען
אִין צוּפִיל צַעַר:
8 דְרוּם בֶּעט אִיךְ אֵייךְ אַז אִיהְר
זָאלְט אִיהְם אֵייעֶרֶע לִיבְּשַׁאפְט בֶּעצֵייגֶען:
9 וָוארִין אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ פוּן דֶעסְט־
וֶועגֶען גֶעשְׁרִיבֶּען, אַז אִיךְ זָאל ווִיסֶען
אֵייעֶרֶע פְּרוּף, אוֹיבּ אִיהְר גֶעהָארְכְט אִין
אַלֶעם:
10 וֶועמֶען אִיהְר פַארְגִיבְט עֶפֶּעס,
אַזוֹי פַארְגִיבּ אִיךְ אוֹיךְ; וָוארִין וֶוען
אִיךְ הָאבּ עֶפֶּעס פַארְגֶעבֶּען, אַזוֹי הָאבּ
אִיךְ עֶס פַארְגֶעבֶּען פוּן אֵייעֶרְט וֶועגֶען
אִין דֶעם מָשִׁיחַ:
11 אַז דֶער שָׂטָן זָאל נִיט הָאבֶּען דִיא
אִיבֶּערְהַאנְד אִיבֶּער אוּנְס, וָוארִין מִיר
קֶענֶען זֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען:
12 אוּנְד וֶוען אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען קֵיין
טְרוֹאַס צוּ פְּרֶעדִיגֶען דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם
פוּן מָשִׁיחַ, אוּנְד אֵיין טְהִיר וַואר צוּ
מִיר אוֹיפְגֶעמַאכְט פוּן דֶעם הַאר:
13 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ קֵיינֶע מְנוּחָה נִיט
גֶעהַאט אִין מֵיין גֶעמִיט, וֵוייל אִיךְ

הָאב נִיט גֶעפוּנֶען מֵיין בְּרוּדֶער טִיטוּס, גייעֶרְט אִיךְ הָאבּ מִיךְ מִיט זֵייא גֶעזֶעגֶענְט אוּנְד בִּין אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען קַיין מַקְדוֹנְיָא׃

14 אָבֶּער גָאט זֵייא גֶעדַאנְקְט וָואס גִיבְּט אוּנְס בֶּעשְׁטֶענְדִיג דֶען זִיג אִין מָשִׁיחַ, אוּנְד וָואס עֶנְטפְּלֶעקְט דוּרְךְ אוּנְס דֶעם גֶעשְׁמַאק פוּן זַיינֶע קֶענְטְנִיס אִין אַלֶע עֶרְטֶער׃

15 וָוארִין מִיר זֶענֶען צוּ גָאט אַיין וָואוּיל גֶעשְׁמַאק פוּן מָשִׁיחַ, אִין דִיא וָואס וֶוערֶען גֶערֶעטֶעט אוּנְד אִין דִיא וָואס וֶוערֶען פֶערְלוֹירֶען׃

16 צוּ עֶטְלִיכֶע זֶענֶען מִיר אַיין גֶעשְׁמַאק פוּן טוֹיט צוּם טוֹיט, אוּנְד צוּ אַנְדֶערֶע, אַיין גֶעשְׁמַאק פוּן לֶעבֶּען צוּם לֶעבֶּען; אוּנְד וֶוער אִיז רָאוּי צוּ דִיזֶע זַאכֶען?

17 וָוארִין מִיר זֶענֶען נִיט אַזוֹי וִויא פִילֶע וָואס פַארְפֶעלְשֶׁען, דָאס וָוארְט פוּן גָאט, גייעֶרְט מִיר רֶעדֶען צוּ פַאר גָאט אִין מָשִׁיחַ וִויא אוֹיס לוֹיטֶערְקֵייט אוּנְד וִויא פוּן גָאט׃

קאפיטעל ג

1 הֵייבֶּען מִיר דֶען וִוידֶער אָן זִיךְ זֶעלְבּסְט צוּ לוֹיבֶּען? אָדֶער בֶּעדַארְפֶען מִיר, אַזוֹי וִויא אַנְדֶערֶע עֶמְפֶּפֶעהְל־בְּרִיף צוּ אַייךְ, אָדֶער עֶמְפֶּפֶעהְל־בְּרִיף פוּן אַייךְ׃

2 אִיהְר זֶענְט אוּנְזֶערֶע בְּרִיף, גֶעשְׁרִיבֶּען אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער, דֶערְקֶענְט אוּנְד גֶעלֵיינְט בֵּייא אַלֶע מֶענְשֶׁען׃

3 אִיהְר זֶענְט עֶנְטפְּלֶעקְט אַז אִיהְר זֶענְט דֶער בְּרִיף פוּן מָשִׁיחַ וָואס אִיז צוּגֶעבְּרֵייט בֵּייא אוּנְס, אוּנְד אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען נִיט מִיט טִינְט גייעֶרְט מִיט דֶעם גֵייסְט פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט; נִיט אוֹיף שְׁטֵיינֶערְנֶע לוּחוֹת, גייעֶרְט אוֹיף דִיא פְלֵיישֶׁערְנֶע לוּחוֹת פוּן דֶעם הַארְץ׃

4 אוּנְד דִיזֶע הָאפְנוּנְג הָאבֶּען מִיר צוּ גָאט דוּרְךְ מָשִׁיחַ׃

5 נִיט דָאס מִיר זֶענֶען אִים שְׁטַאנְד עֶפֶּעס פוּן זִיךְ זֶעלְבּסְט צוּ דֶענְקֶען, וִויא פוּן אוּנְס זֶעלְבּסְט, גייעֶרְט אוּנְזֶער טוֹיגְלִיכְקֵייט אִיז פוּן גָאט׃

6 וָואס הָאט אוּנְס גֶעמַאכְט טוֹיגְלִיכֶע דִינֶערְס פוּן דֶעם נַייעֶם טֶעסְטַאמֶענְט, נִיט פוּן דֶעם בּוּכְשְׁטַאבּ גייעֶרְט פוּן דֶעם גֵייסְט; וָוארִין דֶער בּוּכְשְׁטַאבּ טֶהוּט אוּמְבְּרֶענְגֶען, אָבֶּער דֶער גֵייסְט מַאכְט לֶעבֶּעדִיג׃

7 אָבֶּער וֶוען דֶער דִינְסְט פוּן דֶעם טוֹיט, וָואס וַואר גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנְד אוֹיסְגֶעקְרִיצְט אִין שְׁטֵיינֶער, אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט הֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט אַנְזֶעהֶען דָאס פָּנִים פוּן מֹשֶׁה, וֶועגֶען דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן זַיין פָּנִים וָואס אִיז בָּטֵל גֶעוָוארֶען׃

8 וִויא אַזוֹי זָאל נִיט דֶער דִינְסְט פוּן דֶעם גֵייסְט מִיט מֶעהְר הֶערְלִיכְקֵייט זַיין?

9 וָוארִין וֶוען דֶער דִינְסְט פוּן דֶעם פַארְשׁוּלְדֶען אִיז הֶערְלִיךְ גֶעוֶועזֶען, מִכָּל שֶׁכֵּן וֶועט דֶער דִינְסְט פוּן דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט גְרֶעסֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט הָאבֶּען׃

10 וָוארִין אוֹיךְ דָאס פַארְהֶערְלִיכְטֶע אִיז צוּם טֵייל נִיט הֶערְלִיךְ גֶעוֶועזֶען, דוּרְךְ דֶער פִיל גְרֶעסֶערֶער הֶערְלִיכְקֵייט׃

11 וָוארִין וֶוען דָאס וָואס אִיז פַארְגַאנְגֶען אִיז הֶערְלִיךְ גֶעוֶועזֶען, מִכָּל שֶׁכֵּן אִין

דָאס וָואס בְּלֵייבְּט שְׁטֵיין מִיט הֶערְ־
לִיכְקֵייט׃

12 דְרוּם וֵוייל מִיר הָאבֶּען זָאלְכֶע
הָאפְנוּנְג, אַזוֹי רֶעדֶען מִיר זֶעהְר
פְרֵייא׃

13 אוּנְד נִיט אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה וָואס
הָאט גֶעטְהוּן אַ שְׁלֵייעֶר אִיבֶּער זַיין
פָּנִים, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט זֶעהֶען דָאס עֶנְד
פוּן דֶעם וָואס אִיז פַארְגַאנְגֶען׃

14 גֵייעֶרְט זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען זֶענֶען
פַארְהַארְטֶעט גֶעוָוארֶען, וָוארִין בִּיז
צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג בְּלֵייבְּט דֶער
זֶעלְבִּיגֶער שְׁלֵייעֶר נִיט אוֹיפְגֶעדֶעקְט
וֶוען זֵייא לֵיינֶען דָאס אַלְטֶע טֶעסְטַא־
מֶענְט, וָואס אִיז פַארְגַאנְגֶען אִין
מָשִׁיחַ׃

15 אוּנְד בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג
לִיגְט דֶער שְׁלֵייעֶר אִיבֶּער זֵייעֶר הַארְץ
וֶוען (תּוֹרַת) מֹשֶׁה וֶוערְט גֶעלֵיינְט׃

16 אָבֶּער וֶוען עֶס וֶועט זִיךְ אוּמְ־
קֶערֶען צוּם הַאר, אַזוֹי וֶועט דֶער
שְׁלֵייעֶר אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען׃

17 אוּנְד דֶער הַאר אִיז דֶער רוּחַ,
אוּנְד וִויא דֶער רוּחַ פוּן דֶעם הַאר
אִיז, דָא אִיז פְרֵייהֵייט׃

18 אָבֶּער מִיר אַלֶע זֶעהֶען מִיט אֵיין
אוֹיפְגֶעדֶעקְט פָּנִים דִיא הֶערְלִיכְקֵייט
פוּן דֶעם הַאר וִויא אֵיין שְׁפִּיגֶעל, אוּנְד
וֶוערֶען פַארְעֶנְדֶערְט צוּ דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
בִּילְד פוּן הֶערְלִיכְקֵייט, צוּ הֶערְלִיכְקֵייט,
וִויא דוּרְךְ דֶעם רוּחַ פוּן דֶעם הַאר׃

קאפיטעל ד

1 דַארוּם וֵוייל מִיר הָאבֶּען דִיזֶען
דִינְסְט, אַזוֹי וִויא מִיר זֶענֶען לֵייטְזֶעלִיג
גֶעוָוארֶען, אַזוֹי וֶוערֶען מִיר נִיט מִיד׃

2 אוּנְד מִיר פַארְמֵיידֶען דִיא פַארְ־
בָּארְגֶענֶע שֶׁענְדְלִיכְקֵייטֶען, אוּנְד גֵייעֶן
נִיט אַרוּם מִיט שַׁאלְקְהֵייט, אוּנְד פַארְ־
פֶעלְשֶׁען נִיט דָאס וָוארְט פוּן גָאט,
גֵייעֶרְט מִיר עֶמְפֶּעהְלֶען זִיךְ מִיט
דֶער אָפֶּענֶער וָוארְהֵייט צוּם גֶעוִויסֶען
פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען צוּ פַאר גָאט׃

3 אוּנְד וֶוען אוּנְזֶער עֶוַואנְגֶעלְיוּם אִיז
פַארְהוֹילֶען, אַזוֹי אִיז עֶס פַארְהוֹילֶען
צוּ דִיא וָואס וֶוערֶען פַארְלוֹירֶען׃

4 אִין וֶועלְכֶע דֶער גָאט פוּן דִיזֶער
וֶועלְט הָאט פַארְבְּלֶענְדֶעט דִיא גֶע־
דַאנְקֶען פוּן דִיא אוּמְגְלֵייבִּיגֶען, כְּדֵי
דָאס לִיכְט פוּן דֶעם הֶערְלִיכֶען עֶוַואנְ־
גֶעלְיוּם פוּן מָשִׁיחַ, וָואס אִיז דָאס
בִּילְד פוּן גָאט, זָאל נִיט צוּ זֵייא
שֵׁיינֶען׃

5 וָוארִין מִיר פְּרֶעדִיגֶען נִיט זִיךְ
זֶעלְבְּסְט, גֵייעֶרְט דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ; אָבֶּער מִיר זֶעלְבְּסְט זֶענֶען
אֵיירֶע קְנֶעכְט פוּן יֵשׁוּעַ'ס וֶועגֶען׃

6 וָוארִין דֶער גָאט וָואס הָאט גֶע־
הֵייסֶען דָאס לִיכְט שֵׁיינֶען פוּן דֶער
פִינְסְטֶערְנִיס, הָאט גֶעשֵׁיינְט אִין אוּנְ־
זֶערֶע־הֶערְצֶער, כְּדֵי צוּ גֶעבֶּען דָאס
לִיכְט פוּן דֶער וִויסֶענְשַׁאפְט פוּן גָאטֶעס
הֶערְלִיכְקֵייט אִין דֶעם פָּנִים פוּן יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ׃

7 אָבֶּער מִיר הָאבֶּען דִיזֶען אוֹצָר אִין
עֶרְדֶענֶע כֵּלִים, כְּדֵי דִיא הוֹיכֶע מַאכְט
זָאל זַיין פוּן גָאט אוּנְד נִיט פוּן אוּנְס׃

8 מִיר לֵיידֶען פוּן אַלֶע זֵייטֶען, אָבֶּער
מִיר זֶענֶען נִיט אִין אַנְגְסְט, מִיר הָא־
בֶּען נוֹיט, אָבֶּער מִיר זֶענֶען נִיט פֶער־
צְווייפֶעלְט׃

9 מִיר וֶוערֶען גֶעיָאגְט, אָבֶּער נִיט
פַארְלָאזְט, מִיר זֶענֶען אַנִידֶער גֶע־
שְׁלָאגֶען, אָבֶּער נִיט פַארְלוֹירֶען׃

10 מִיר טְרָאגֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַרוּם אִין דֶעם לַייבּ דֶען טוֹיט פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, כְּדֵי דָאס לֶעבֶּען פוּן יֵשׁוּעַ זָאל אוֹיךְ אַנְטפְּלֶעקְט װערֶען אִין אוּנְזֶערֶן לַייבּ:

11 וָוארִין מִיר וָואס לֶעבֶּען וֶוערֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִיבֶּער גֶעעֶנְטפֶערְט צוּם טוֹיט וֶועגֶען יֵשׁוּעַ, כְּדֵי דָאס לֶעבֶּען פוּן יֵשׁוּעַ זָאל אוֹיךְ אַנְטפְּלֶעקְט וֶוערֶען אִין אוּנְזֶער שְׁטַארְבְּלִיכֶען פְלֵייש:

12 דְרוּם טְהוּט דֶער טוֹיט אִין אוּנְס וִוירְקֶען אָבֶּער דָאס לֶעבֶּען, אִין אַייךְ:

13 אוּנְד מִיר הָאבֶּען דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען גֵייסְט פוּן גְלוֹיבֶּען, אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, אִיךְ הָאבּ גֶעגְלֵייבְּט, דְרוּם הָאבּ אִיךְ גֶערֶעט; אוּנְד מִיר גְלֵייבֶּען, דְרוּם טְהוּן מִיר אוֹיךְ רֶעדֶען:

14 וָוארִין מִיר וַויסֶען אַז דֶער וָואס הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ וֶועט אוּנְס אוֹיךְ אוֹיפְוֶועקֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ, אוּנְד וֶועט אוּנְס פָארְשְׁטֶעלֶען מִיט אַייךְ:

15 וָוארִין אַלֶעס אִיז פוּן אַייעֶרְט וֶועגֶען, אַז דִיא פַארְמֶעהְרְטֶע גֶענָאד זָאל זִיךְ מֶעהְרֶען צוּם כָּבוֹד פוּן גָאט דוּרְךְ דֶעם דַאנְקֶען פוּן פִילֶע:

16 דְרוּם וֶוערֶען מִיר נִיט מִיד, נֵייעֶרְט חָטְשֶׁע אוּנְזֶער אוֹיסֶערְלִיכֶער מֶענְשׁ וֶוערְט אוֹיךְ פַארְדָארְבֶּען, אַזוֹי וֶוערְט דָאךְ דֶער אִינֶערְלִיכֶער דֶערְנֵייעֶרְט טָאג בֵּייא טָאג:

17 וָוארִין אוּנְזֶערֶע גְרִינְגֶע צָרָה וָואס אִיז נָאר פַאר אֵיין אוֹיגֶענְבְּלִיק וִוירְקְט פַאר אוּנְס אֵיין פִיל מֶעהְר וִויכְטִיגֶע אוּנְד אֵייבִּיגֶע הֶערְלִיכְקֵייט:

18 וַוייל מִיר קוּקֶען נִיט אוֹיף זַאכֶען וָואס וֶוערֶען גֶעזֶעהֶען, נֵייעֶרְט אוֹיף דִיא וָואס וֶוערֶען נִיט גֶעזֶעהֶען, וָוארִין דִיא וָואס וֶוערֶען גֶעזֶעהֶען זֶענֶען נָאר פַאר אַ צֵייט, אָבֶּער דִיא וָואס וֶוערֶען נִיט גֶעזֶעהֶען זֶענֶען אוֹיף אֵייבִּיג:

## קאפיטעל ה

1 וָוארִין מִיר וַויסֶען וֶוען דָאס אוּנְזֶער אִירְדִישׁ הוֹיז פוּן דִיזֶען גֶעצֶעלְט וֶועט אָפְּגֶעבְּרָאכֶען וֶוערֶען, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר אֵיין גֶעבֵּייד פוּן גָאט, אֵיין הוֹיז וָואס אִיז נִיט גֶעמַאכְט מִיט הֶענְד, אוּנְד אִיז אֵייבִּיג אִין דֶעם הִימֶעל:

2 וָוארִין אִין דִיזֶען טְהוּן מִיר זִיפְצֶען, אוּנְד פֶערְלַאנְגֶען אָנְצוּטְהוּן אוּנְזֶער הוֹיז וָואס אִיז פוּן דֶעם הִימֶעל:

3 אוּנְד וֶוען מִיר וֶועלֶען עֶס אָנְקְלֵיידֶען וֶועלֶען מִיר נִיט גֶעפוּנֶען וֶוערֶען נַאקֶעט:

4 וָוארִין מִיר וָואס זֶענֶען אִין דִיזֶען גֶעצֶעלְט טְהוּן זִיפְצֶען וֶועגֶען דֶער לַאסְט. וָוארִין מִיר ווִילֶען נִיט אוֹיסְגֶעטְהוּן וֶוערֶען נֵייעֶרְט אָנְגֶעקְלֵיידֶעט, כְּדֵי דִיא שְׁטֶערְבְּלִיכְקֵייט זָאל פַארְשְׁלוּנְגֶען וֶוערֶען פוּן דֶעם לֶעבֶּען:

5 אוּנְד דֶער וָואס הָאט אוּנְס בֶּערֵייטֶעט צוּ דֶעם זֶעלְבִּיגֶען אִיז גָאט, וָואס הָאט אוּנְס אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען דִיא פַארְזִיכֶערוּנְג פוּן דֶעם גֵייסְט:

6 דְרוּם זֶענֶען מִיר בֶּעשְׁטֶענְדִיג פַארְזִיכֶערְט, וָוארִין מִיר וַויסֶען אַז וַוייל מִיר זֶענֶען דֶערְהֵיים אִין דֶעם לַייבּ, אַזוֹי זֶענֶען מִיר אָפְּוֶועזֶענְד פוּן דֶעם הַאר:

7 (וָוארִין מִיר וַואנְדְלֶען אִים גְלוֹיבֶּען אוּנְד נִיט אִים גֶעזִיכְט):

8 אָבֶּער מִיר זֶענֶען פַארְזִיכֶערְט, אוּנְד ווִילֶען בֶּעסֶער אָפְּוֶועזֶענְד זַיין פוּן דֶעם

לֵייבּ, אוּנְד אִין דֶערהֵיים זֵיין מִיט דֶעם הַאר׃

9 דְרוּם טְהוּן מִיר זִיךְ פְלֵייסִיגֶען, אוֹיבּ מִיר זֶענֶען אִין דֶערהֵיים אָדֶער אָפּ־וֶועזֶענְד, אַז מִיר זָאלֶען אִיהְם וְואוֹילגֶעפַאלֶען׃

10 וָוארִין מִיר מוּזֶען אַלֶע קוּמֶען פַאר דֶעם רִיכְטֶער־שְׁטוּל פוּן מָשִׁיחַ, אַז אִיטְלִיכֶער זָאל אַנְטפַאנְגֶען נָאכְדֶעם וִויא עֶר הָאט גֶעהַאנְדֶעלְט אִין דֶעם לֵייבּ, אוֹיבּ עֶס אִיז גוּטֶעס אָדֶער בֵּייזֶעס׃

11 דְרוּם ווֵייל מִיר קֶענֶען דִיא פוּרְכט פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי רֶעדֶען מִיר אָן דִיא לֵייט; אָבֶּער מִיר זֶענֶען אַנְטפְּלֶעקְט צוּ גָאט, אוּנְד אִיךְ הָאף אַז מִיר זֶענֶען אוֹיךְ אַנְטפְּלֶעקְט אִין אֵייעֶר גֶעווִיסֶען׃

12 וָוארִין מִיר טְהוּן זִיךְ נִיט ווִידֶער פַאר אֵייךְ לוֹיבֶּען נֵייעֶרְט מִיר גֶעבֶּען אֵייךְ אֵיינֶע גֶעלֶעגֶענְהֵייט אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ רִיהְמֶען וֶועגֶען אוּנְס; אַז אִיהְר זָאלְט הָאבֶּען אֵיין עֶנְטפֶער צוּ דִיא וָואס רִיהְמֶען זִיךְ אִין דֶעם אָן זֶעהֶען, אָבֶּער נִיט אִים הַארְץ׃

13 וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען אוֹיסֶער זִיךְ, אִיז עֶס צוּ גָאט, אוּנְד וֶוען מִיר זֶענֶען בֵּיים שֵׂכֶל, אִיז עֶס פוּן אֵייעֶרְט וֶועגֶען׃

14 וָוארִין דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן דֶעם מָשִׁיחַ צְווִינְגט אוּנְס, אוּנְד מִיר טְהוּן אַזוֹי רִיכְטֶען, דָאס וֶוען אֵיינֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר אַלֶע, אַזוֹי וַוארֶען אַלֶע טוֹיט׃

15 אוּנְד אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר אַלֶע, כְּדֵי דִיא וָואס לֶעבֶּען זָאלֶען נִיט מֶעהְר לֶעבֶּען צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט, נֵייעֶרְט צוּ אִיהְם וָואס אִיז פַאר זֵייא גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד אִיז ווִידֶער אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען׃

16 דְרוּם פוּן אַצוּנְד אָן קֶענֶען מִיר קֵיינֶעם נִיט נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען גֶעקֶענְט מָשִׁיחַ נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, אַזוֹי קֶענֶען מִיר אִיהְם אַצוּנְד נִיט מֶעהְר׃

17 דְרוּם וֶוען אֵיינֶער אִיז אִין מָשִׁיחַ אַזוֹי אִיז עֶר אַ נֵייעֶ בֶּעשֶׁעפְּנִים. דָאס אַלְטֶע אִיז פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, נוּן אִיז אַלֶעס נֵייא גֶעוָוארֶען׃

18 אוּנְד אַלֶעס אִיז פוּן גָאט, וָואס הָאט אוּנְס מִיט זִיךְ מְכַפֵּר גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אוּנְד הָאט אוּנְס גֶעגֶעבֶּען דֶעם דִינְסְט פוּן דֶער אִיבֶּער־בֶּעטוּנְג׃

19 דָאס גָאט וַואר אִין מָשִׁיחַ אוּנְד הָאט דִיא וֶועלְט מִיט זִיךְ אִיבֶּערבֶּעטֶען, אוּנְד הָאט זֵייא נִיט צוּגֶערֶעכֶענְט זֵיירֶע שׁוּלְדֶען, אוּנְד הָאט אוּנְס אִיבֶּער־גֶעגֶעבֶּען דָאס וָוארְט פוּן דֶער אִיבֶּער־בֶּעטוּנְג׃

20 דְרוּם זֶענֶען מִיר דִיא שְׁלוּחִים פוּן מָשִׁיחַ, גְלֵייךְ גָאט הֶעט אֵייךְ גֶעבֶּעטֶען דוּרְךְ אוּנְס, מִיר בֶּעטֶען אֵייךְ פוּן מָשִׁיחַ׳ס וֶועגֶען זֵייט אִיבֶּערבֶּעטֶען מִיט גָאט׃

21 וָוארִין דֶער וָואס הָאט נִיט גֶע־קֶענְט קֵיינֶע זִינְד הָאט עֶר גֶעמַאכְט אֵיינֶע זִינְד פַאר אוּנְס, אַז מִיר זָאלֶען וֶוערֶען דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט אִין אִיהְם׃

קאפיטעל ו

1 אוּנְד מִיר הֶעלְפֶערְס בֶּעטֶען אֵייךְ אִיהְר זָאלְט נִיט אַנְטפַאנְגֶען דִיא גְנָאד פוּן גָאט אוּמְזוּנְסְט׃

2 וָוארִין עֶר זָאגְט, אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶע־הֶערְט אִין אֵיינֶע בֶּעווִילִיגְטֶע צֵייט, אוּנְד אִין דֶעם טָאג פוּן זֶעלִיגְקֵייט הָאבּ אִיךְ

דיר

דִיר גֶעהָאלְפֶען, נוּן אַצוּנְד אִיז דִיא בַּאוִוילִיגְטֶע צַייט, נוּן אַצוּנְד אִיז דֶער טָאג פוּן זֶעלִיגְקַייט׃

3 מִיר גֶעבֶּען אִין קֵיין שׁוּם זַאךְ קֵיין אָנְשְׁטוֹיס נִיט, כְּדֵי דֶער דִינְסְט זָאל נִיט צוּשַׁאנְד וֶוערֶען׃

4 נֵייעֶרְט מִיר בֶּעווייזֶען זִיךְ אִין אַלֶעם וִויא דִיא דִינֶערְס פוּן גָאט, אִין פִיל גֶעדוּלְד, אִין לֵיידֶען, אִין דֶער נוֹיט, אִין אַנְגְסְטֶען׃

5 אִין שְׁלֶעג, אִין גֶעפֶענְקֶענִיסֶען, אִין אוֹיפְרוּהְרֶען, אִין אַרְבֶּעט, אִין וַואכֶען, אִין פַאסְטֶען׃

6 דוּרְךְ רֵיינְהֵייט דוּרְךְ ווִיסֶענְשַׁאפְט, דוּרְךְ לַאנְגְמוּטִיגְקֵייט, דוּרְךְ גוּטִיגְקֵייט, דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, דוּרְךְ וָואהְרֶער לִיבְּשַׁאפְט׃

7 דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן וָוארְהֵייט, דוּרְךְ דֶער מַאכְט פוּן גָאט, דוּרְךְ דִיא וַואפֶען פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד אוּנְד צוּ דֶער לִינְקֶער׃

8 דוּרְךְ כָּבוֹד אוּנְד שַׁאנְד. דוּרְךְ אֵיין בֵּייזֶען נָאמֶען אוּנְד אֵיין גוּטֶען נָאמֶען. וִויא פַארְפִירֶערְס, אוּנְד דָאךְ וָואהְרְהַאפְטִיג׃

9 וִויא אוּמְבֶּעקֶענְט, אוּנְד דָאךְ גוּט בֶּעקֶענְט. וִויא גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע, אוּנְד זֶעה מִיר לֶעבֶּען דָאךְ. וִויא גֶעצִיכְטִיגְט, אוּנְד נִיט אוּמְגֶעבְּרַאכְט׃

10 וִויא טְרוֹירִיגֶע אוּנְד דָאךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג פְרֵיילִיךְ. וִויא אָרְמֶע לֵייט, אוּנְד מִיר מַאכֶען פִילֶע רֵייךְ, וִויא דִיא וָואס הָאבֶּען גָאר נִישְׁט, אוּנְד פַארְמָאגֶען אַלֶעם׃

11 אוֹי אַיהְר קָארִינְטֶער, אוּנְזֶער מוֹיל אִיז צוּ אֵייךְ אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּנְזֶער הַארְץ אִיז פֶערְגְרֶעסֶערְט׃

12 אִיהְר זֶענְט נִיט גֶעעֶנְגְט אִין אוּנְס, נֵייעֶרְט אִיהְר זֶענְט גֶעעֶנְגְט אִין אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע גֶעדֶערֶעם׃

13 אָבֶּער אַז אֵיין לוֹין פַאר דִיזֶען, (אִיךְ רֶעד וִויא מִיט קִינְדֶער) זַייט אִיהְר אוֹיךְ פֶערְגְרֶעסֶערְט׃

14 טְהוּט נִיט אָהְן קֵיין פְרֶעמְדֶעס יָאךְ מִיט אוּמְגְלֵייבִּיגֶע. וָוארִין וָואס פַאר אֵיינֶע חַבְרוּתָה הָאט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט מִיט אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט? אוּנְד וָואס פַאר אֵיינֶע גֶעמֵיינְשַׁאפְט הָאט דָאס לִיכְט מִיט דֶער פִינְסְטֶערְנִיס׃

15 אוּנְד וָואס פַאר אֵיין הַארְמָאנִיע אִיז דָא צְווִישֶׁען דֶעם מָשִׁיחַ אוּנְד בְּלִיַעַל? אוּנְד וָואס פַאר אֵיין חֵלֶק הָאט אֵיין גְלֵייבִּיגֶער מִיט דֶעם אוּמְגְלֵייבִּיגֶען?

16 אוּנְד וֶועלְכֶע פַארְאֵיינִיגְקֵייט הָאט דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן גָאט מִיט אָפְּגֶעטֶער? וָוארִין אִיהְר זֶענְט דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט. אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אִין זֵייא ווְאוֹינֶען אוּנְד אַרוּמְגֵיין, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַיין זֵייעֶר גָאט אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זַיין מֵיין פָאלְק׃

17 דְרוּם קוּמְט אַרוֹיס פוּן צְווִישֶׁען זֵייא אוּנְד שֵׁיידֶעט אֵייךְ אָפּ, זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אוּנְד רִירְט נִיט אָן קֵיין אוּמְרֵיינֶע זַאךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ אוֹיפְנֶעמֶען׃

18 אוּנְד אִיךְ וֶועל זַיין אֵייעֶר פָאטֶער אוּנְד אִיהְר וֶועט זַיין מֵיינֶע זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער, זָאגְט דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער הַאר גָאט׃

קאפיטעל ז

1 דָארוּם גֶעלִיבְּטֶע, וֵוייל מִיר הָאבֶּען זָאלְכֶע הַבְטָחוֹת, לָאזֶען מִיר זִיךְ רֵיינִיגֶען פוּן אַלֶע בֶּעפְלֶעקוּנְג פוּן דֶעם

פְלֵייש אוּנְד דֶעם גֵייסְט, אוּנְד לָאזֶען מִיר זִיךְ שְׁטַארְקֶען אִין הֵיילִיגְקֵייט אִין דֶער פוּרְכְט פוּן גָאט׃

2 נֶעמְט אוּנְס אוֹיף. מִיר הָאבֶּען קֵיינֶעם נִיט אוּמְרֶעכְט גֶעטְהוּן, מִיר הָאבֶּען קֵיינֶעם נִיט פַארְדָארְבֶּען, מִיר הָאבֶּען קֵיינֶעם נִיט בֶּערוֹיבְּט׃

3 אִיךְ זָאג דָאס נִיט אוּם אֵייךְ צוּ פַארְשׁוּלְדִיגֶען; וָוארִין אִיךְ הָאבּ פְרִיהֶער גֶעזָאגְט אַז אִיהְר זֶענְט אִין אוּנְזֶער הַארְץ, כְּדֵי מִיט אֵייךְ צוּ שְׁטַארְבֶּען אוּנְד צוּ לֶעבֶּען׃

4 אִיךְ הָאבּ גְרוֹיסֶע פְרֵייהֵייט קֶעגֶען אֵייךְ. אִיךְ הָאבּ גְרוֹיסֶען רוּהְם וֶועגֶען אֵייךְ. אִיךְ בִּין דֶערפִילְט מִיט טְרֵייסְט, אִיךְ הָאבּ זֵייעֶר פִיל פְרֵייד אִין אַלֶע אוּנְזֶערֶע לֵיידֶען׃

5 וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין מַקְדוֹנְיָא אַזוֹי הָאט אוּנְזֶער לֵייבּ קֵיין מְנוּחָה נִיט גֶעהַאט נֵייעֶרְט מִיר הָאבֶּען גֶעלִיטֶען פוּן אַלֶע זֵייטֶען. פוּן דְרוֹיסֶען וַואר שְׁטְרֵייט, אוּנְד פוּן דְרִינֶען פוּרְכְט׃

6 אָבֶּער גָאט וָואס טְרֵייסְט דִיא וָואס הָאבֶּען אֵיין נִידֶערִיג גֶעמִיט, הָאט אוּנְס גֶעטְרֵייסְט מִיט דֶעם קוּמֶען פוּן טִיטוּס׃

7 אוּנְד נִיט אַלֵיין מִיט זֵיין קוּמֶען, נֵייעֶרְט אוֹיךְ מִיט דֶעם טְרֵייסְט וָואס מִיר זֶענֶען גֶעטְרֵייסְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ אֵייךְ, וֶוען עֶר הָאט אוּנְס דֶערצֵיילְט אֵיירֶע גְלִיסְטֶען, אֵייעֶר טְרוֹיעֶרֶען, אוּנְד אֵייעֶר גְרוֹיס פַארְלַאנְגֶען נָאךְ מִיר; אוּנְד דָארוּם הָאבּ אִיךְ מִיךְ נָאךְ מֶעהְר גֶעפְרֵייט׃

8 וָוארִין וֶוען אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אוֹיךְ טְרוֹירִיג גֶעמַאכְט דוּרְךְ אֵיין בְּרִיף, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ קֵיין חַרָטָה נִיט, חָאטְשֶׁע אִיךְ הָאבּ יוֹא חַרָטָה גֶעהַאט. וָוארִין אִיךְ זֶעה אַז דִיזֶער בְּרִיף הָאט אֵייךְ טְרוֹירִיג גֶעמַאכְט, וִויא וָואוֹיל נָאר פַאר אֵיינֶע קְלֵיינֶע צֵייט׃

9 אָבֶּער אַצוּנְד פְרֵייא אִיךְ מִיךְ. נִיט ווייל אִיהְר זֶענְט טְרוֹירִיג גֶעוָוארֶען, נֵייעֶרְט ווייל אִיהְר הָאט גֶעטְרוֹיעֶרְט צוּ תְּשׁוּבָה; וָוארִין אִיהְר הָאט גֶעטְרוֹיעֶרְט פוּן גָאטֶעס וֶועגֶען, אַז אִיהְר זָאלְט גָאר קֵיין שָׁאדֶען נִיט לֵיידֶען דוּרְךְ אוּנְס׃

10 וָוארִין דָאס טְרוֹיעֶרֶען פוּן גָאטֶעס וֶועגֶען ווירְקְט תְּשׁוּבָה צוּר רֶעטוּנְג וָואס מֶען הָאט דְרוֹיף קֵיין חַרָטָה נִיט, אָבֶּער דָאס טְרוֹיעֶרֶען פוּן דֶער וֶועלְט ווירְקְט דֶעם טוֹיט׃

11 וָוארִין זֶעהְט, דָאס וָואס אִיהְר הָאט גֶעטְרוֹיעֶרְט פוּן גָאטֶעס וֶועגֶען, וָואס פַאר אֵיינֶע פְלֵייסִיגְקֵייט עֶס הָאט אִין אֵייךְ גֶעווירְקְט, אוּנְד נָאךְ דֶער פַארְעֶנְטְפֶערוּנְג, אוּנְד צָארְן, אוּנְד פוּרְכְט, אוּנְד פַארְלַאנְגֶען, אוּנְד קִנְאָה, אוּנְד נְקָמָה, אִיהְר הָאט אֵייךְ בֶּעצֵייגְט אִין אַלֶעם אַז אִיהְר זֶענְט רֵיין אִין דִיזֶער זַאךְ׃

12 דָרוּם וֶוען אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען, אִיז עֶס נִיט וֶועגֶען דֶעם וָואס הָאט אוּמְרֶעכְט גֶעטְהוּן, אוּנְד נִיט וֶועגֶען דֶעם וָואס הָאט גֶעלִיטֶען אוּמְרֶעכְט, נֵייעֶרְט אַז מִיר זָאלֶען אֵייךְ בֶּעווייזֶען אוּנְזֶערֶע פְלֵייסִיגְקֵייט קֶעגֶען אֵייךְ צוּ פַאר גָאט׃

13 דָארוּם זֶענֶען מִיר גֶעטְרֵייסְט גֶעוָוארֶען אִיבֶּער אֵייעֶר טְרֵייסְט. אוּנְד מִיר הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ פִיל מֶעהְר גֶעפְרֵייט אִיבֶּער דִיא פְרֵייד פוּן טִיטוּס, ווייל זֵיין גֶעמִיט וַואר דֶערְקְוִויקְט מִיט אֵייךְ אַלֶע׃

14 װָארִין װֶוען אִיךְ הָאבּ מִיךְ עֶפֶּעס בֶּערִיהְמְט פַאר אִיהְם װֶעגֶען אֵייךְ אַזוֹי בִּין אִיךְ נִיט פַארְשֶׁעמְט. נֵייעֶרְט אַזוֹי װִיא מִיר הָאבֶּען אַלֶעס צוּ אֵייךְ גֶערֶעט אִין דֶער װָארְהֵייט, אַזוֹי אִיז אוּנְזֶער בֶּערִיהְמֶען פַאר טִיטוּס אוֹיךְ װָאהְר גֶעװָארֶען׃

15 אוּנְד זֵיינֶע הֶערְצלִיכֶע לִיבְּשַׁאפְט צוּ אֵייךְ אִיז זֵייעֶר גְרוֹיס, װֶוען עֶר גֶע־דֶענְקְט דָאס גֶעהָארְכֶען פוּן אֵייךְ אַלֶע, װִיא אִיהְר הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶענוּמֶען מִיט פוּרְכְט אוּנְד צִיטֶערְנִיס׃

16 אוּנְד אִיךְ פְרֵייא מִיךְ דָאס אִיךְ קֶען מִיךְ אָן אֵייךְ פַארְזִיכֶערֶען אִין אַלֶעם׃

## קאפיטעל ח

1 אוּנְד מִיר לָאזֶען אֵייךְ װִיסֶען, בְּרִידֶער, דִיא גְנָאד פוּן גָאט װָאס אִיז גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא גֶעמֵיינְדֶען אִין מַקְדוֹנְיָא׃

2 װָארִין װֶוען זֵייא זֶענֶען זֵייעֶר גֶע־פְּרוּפְט גֶעװָארֶען מִיט לֵיידֶען, אַזוֹי הָאט זִיךְ זֵיירֶע גְרוֹיסֶע פְרֵייד אוּנְד זֵיירֶע טִיפֶע אָרֶעמוּט גֶעמֶעהְרְט צוּם רֵייכְטוּם פוּן זֵיירֶע נְדָבָה׃

3 װָארִין אִיךְ זָאג זֵייא עֵדוּת אַז זֵייא הָאבֶּען זֶעלְבְּסְט בֶּעװִוילִיגְט צוּ גֶעבֶּען נָאךְ זֵייעֶר פַארְמֶעגֶען, אוּנְד אִיבֶּער זֵייעֶר פֶערְמֶעגֶען׃

4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוּנְס גֶעבֶּעטֶען מִיט פִיל גֶעבֶּעט אַז מִיר זָאלֶען אָנְנֶעמֶען דִיא גָאבּ, אוּנְד דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֶעם דִינְסְט צוּ דִיא הֵיילִיגֶע׃

5 אוּנְד נִיט װִיא מִיר הָאבֶּען גֶעהָאפְט, נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען זִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעגֶעבֶּען צוּ גָאט, אוּנְד צוּ אוּנְס דוּרְךְ דֶעם װִוילֶען פוּן גָאט׃

6 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעמוּזְט בֶּעטֶען טִיטוּס, אַז אַזוֹי װִיא עֶר הָאט אָנְגֶע־הוֹיבֶּען זָאל עֶר אוֹיךְ אִין אֵייךְ עֶנְדִיגֶען דִיא זֶעלְבִּיגֶע גְנָאד׃

7 אוּנְד אַזוֹי װִיא אִיהְר מֶעהְרְט אֵייךְ אִין אַלֶעס, אִים גְלוֹיבֶּען, אוּנְד אִין דֶעם װָארְט, אוּנְד אִין װִיסֶענְשַׁאפְט, אוּנְד אִין אַלֶער פְלֵייסִיגְקֵייט, אוּנְד אִין אֵיירֶע לִיבְּשַׁאפְט צוּ אוּנְס, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אֵייךְ אוֹיךְ מֶעהְרֶען אִין דִיזֶער גְנָאד׃

8 אִיךְ זָאג דָאס נִיט װִיא אֵיין גֶעבָּאט, נֵייעֶרְט דוּרְךְ דֶער פְלֵייסִיגְקֵייט פוּן אַנְדֶערֶע, אוּנְד צוּ פְּרוּפֶען דִיא װָארְ־הֵייט פוּן אֵיירֶע לִיבְּשַׁאפְט׃

9 װָארִין אִיהְר װֵייסְט דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אַז חָאטְשֶׁע עֶר װָאר רֵייךְ אִיז עֶר דָאךְ אָרֶעם גֶע־װָארֶען פוּן אֵייעֶרְט װֶעגֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט רֵייךְ װֶערֶען דוּרְךְ זֵיינֶע אָרֶעמוּט׃

10 אוּנְד אִין דִיזֶען גִיבּ אִיךְ מֵיינֶע מֵיינוּנְג. װָארִין דָאס אִיז אֵייךְ נִיצְלִיךְ, װָאס אִיהְר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שׁוֹין פַאר אֵיין יָאהְר נִיט אַלֵיין צוּ טְהוּן נֵייעֶרְט אוֹיךְ צוּ בֶּאװִוילִיגֶען׃

11 אָבֶּער אַצוּנְד עֶנְדִיגְט אוֹיךְ דָאס טְהוּן, אַז אַזוֹי װִיא אִיהְר זֶענְט גֶענֵייגְט צוּ װִוילֶען, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר עֶס אוֹיךְ עֶנְדִיגֶען פוּן דֶעם װָאס אִיהְר הָאט׃

12 װָארִין װֶוען דֶער װִוילֶען אִיז דָא, אַזוֹי אִיז עֶס אָנְגֶענוּמֶען נָאךְ דֶעם װִיא אֵיינֶער פַארְמָאגְט, אוּנְד נִיט נָאךְ דֶעם װִיא עֶר פַארְמָאגְט נִיט׃

13 װָארִין אִיךְ מֵיין נִיט אַז אַנְדֶערֶע זָאלֶען רוּהֶע הָאבֶּען אוּנְד אִיהְר זָאלְט לֵיידֶען׃

14 נֵייעֶרְט מִיט גְלֵייכְהֵייט, אַז אַצוּנְד



זאל

זָאל אֵייעֶר אִיבֶּערפְלוּס זַיין צוּ זֵייעֶר בֶּעדֶערְפֶענִים, דָאס זֵייעֶר אִיבֶּער פְלוּס זָאל אוֹיךְ זַיין צוּ אֵייעֶר בֶּעדֶערְפֶענִים, אַז עֶס זָאל זַיין גְלֵייכְהֵייט:

15 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, דֶער וָואס הָאט פִיל אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט הָאט נִיט אִיבְּרִיג גֶעהַאט, אוּנְד דֶער וָואס הָאט וֶוינִיג אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט הָאט קֵיין בֶּעדֶערְפֶענִים נִיט גֶעהַאט:

16 אוּנְד גָאט זַייא גֶעדַאנְקְט, וָואס עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען דִיזֶע פְלֵייסִיגְקֵייט וָועגֶען אֵייךְ אִין דֶעם הַארְץ פוּן טִיטוּס:

17 וָוארִין עֶר הָאט אָנְגֶענוּמֶען דִיא דֶערְמָאנוּנְג, אָבֶּער וַוייל עֶר וַואר זֵייעֶר פְלֵייסִיג, אַזוֹי אִיז עֶר פוּן זַיין אֵייגֶענֶעם ווילֶען צוּ אֵייךְ גֶעקוּמֶען:

18 אוּנְד מִיר הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶעשִׁיקְט אֵיין בְּרוּדֶער, וָואס זַיין לוֹיבּ אִין דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם אִיז אִין אַלֶע גֶעמֵיינְדֶען:

19 אוּנְד נִיט אַלֵיין דָאס, נֵייעֶרְט עֶר וַואר אוֹיךְ אוֹיסְדֶערְוֶוילְט בֵּייא דִיא גֶעמֵיינְדֶען אַז עֶר זָאל מִיט אוּנְס רֵייזֶען מִיט דִיזֶער גָאבּ, וָואס אִיז דוּרְךְ אוּנְס אוֹיסְגֶערִיכְט צוּם לוֹיבּ פוּן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען הַאר, אוּנְד בֶּעוֵוייזֶען אֵייעֶר גוּטֶען ווילֶען:

20 אוּנְד דָאס טְהוּן מִיר פַארְמֵיידֶען, אַז קֵיינֶער זָאל אוּנְס נִיט לֶעסְטֶערְן אִין דִיזֶער רֵייכֶער גָאבּ וָואס אִיז דוּרְךְ אוּנְס אוֹיסְגֶערִיכְט:

21 מִיר פַארְזָארְגֶען גוּטֶע זַאכֶען נִיט אַלֵיין פַאר גָאט, נֵייעֶרְט אוֹיךְ פַאר מֶענְשֶׁען:

22 אוּנְד מִיר הָאבֶּען מִיט זֵייא גֶעשִׁיקְט אוּנְזֶער בְּרוּדֶער, וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען אָפְט גֶעפְּרוּפְט אִין פִילֶע זַאכֶען אַז עֶר אִיז פְלֵייסִיג, אָבֶּער אַצוּנְד אִיז עֶר פִיל מֶעהְר פְלֵייסִיג, דוּרְךְ דֶער גְרוֹיסֶער פַארְזִיכֶערוּנְג וָואס מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ:

23 אוּנְד אוֹיבּ עֶס אִיז וֶועגֶען טִיטוּס, וָואס אִיז מֵיין גֶעזֶעלֶען אוּנְד הֶעלְפֶער צְווִישֶׁען אֵייךְ, אָדֶער וֶועגֶען דִיא בְּרִידֶער, וָואס זֶענֶען דִיא שְׁלוּחִים פוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶען אוּנְד אֵיין כָּבוֹד צוּ מָשִׁיחַ:

24 אַזוֹי בֶּעוֵוייזְט צוּ זֵייא, אוּנְד פַאר דִיא גֶעמֵיינְדֶען דָאס צֵייגֶענִיס פוּן אֵייעֶרֶע לִיבְּשַׁאפְט, אוּנְד פוּן אוּנְזֶער בְּרִיהְמֶען וֶועגֶען אֵייךְ:

## קאפיטעל ט

1 אוּנְד וֶועגֶען דֶעם דִינְסְט צוּ דִיא הֵיילִיגֶע בֶּעדַארְף אִיךְ אֵייךְ נִיט צוּ שְׁרֵייבֶּען:

2 וָוארִין אִיךְ וֵוייס אֵייעֶר גוּטֶען ווילֶען, מִיט וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ מִיךְ וֶועגֶען אֵייךְ בֶּערִיהְמְט פַאר דִיא לֵייט פוּן מַקְדוֹנְיָא, אַז אַכַאיָא וַואר שׁוֹין פַארְטִיג פַאר אֵיין יָאהְר. אוּנְד אֵייעֶר בֵּיישְׁפִּיל הָאט אָנְגֶערֵייצְט פִילֶע:

3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעשִׁיקְט דִיא בְּרִידֶער, אַז אוּנְזֶער בֶּערִיהְמֶען וָועגֶען אֵייךְ זָאל נִיט זַיין אוּמְזוּנְסְט אִין דִיזֶער זַאךְ, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט פַארְטִיג זַיין, וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט:

4 וָוארִין טָאמֶער וֶוען דִיא לֵייט פוּן מַקְדוֹנְיָא וֶועלֶען מִיט מִיר קוּמֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ נִיט פַארְטִיג גֶעפִינֶען, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר פַארְשֶׁעמְט וֶוערֶען (אִיךְ וִויל נִיט זָאגֶען אִיהְר) אִין דֶער הָאפְנוּנְג פוּן דִיזֶען:

5 דָארוּם הָאבּ אִיךְ עֶס גֶעדֶענְקְט נֵייטִיג דִיא בְּרִידֶער צוּ דֶערְמָאנֶען אַז זֵייא זָאלֶען פְרִיהֶר צוּ אֵייךְ קוּמֶען, אוּנְד

וָאלֶען פַארְטִיג מַאכֶען דִיא נְדָבָה פוּן וֶועלְכֶער מִיר הָאבֶּען אֵייךְ פְרִיר גֶעזָאגְט אוּנְד עֶס זָאל אָנְגֶעבְּרֵייט זֵיין וִויא אֵיינֶע נְדָבָה אוּנְד נִיט וִויא אֵיינֶע גֵייצִיגֶע זַאךְ :

6 אוּנְד דָאס זָאג אִיךְ, דֶער וָואס זֵייעֶט מִיט קַארְגְהֵייט, וֶועט אוֹיךְ זַאמֶעלְן מִיט קַארְגְהֵייט. אוּנְד דֶער וָואס זֵייעֶט רֵייכְלִיךְ, דֶער וֶועט אוֹיךְ רֵייכְלִיךְ אֵיינְזַאמֶעלְן :

7 אִיטְלִיכֶער וִויא עֶר גֶעמְט זִיךְ פָאר אִין זֵיין הַארְץ, נִיט מִיט טְרוֹירִיגְקֵייט, אָדֶער גֶעצְווִאוּנְגֶען, וָוארִין גָאט לִיבְּט אֵיין פְרֵיילִיכֶען גֶעבֶּער :

8 אוּנְד גָאט קֶען אַלֶע גְנָאד צוּ אֵייךְ פַארְמֶעהְרֶען, אַז אִיהְר זָאלְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג גֶענוּג הָאבֶּען אִין אַלֶעם, אוּנְד זָאלְט אֵייךְ מֶעהְרֶען אִין אִיטְלִיכֶען גוּטֶען וֶוערְק :

9 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, עֶר הָאט צוּשְׁפְּרֵייט, עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא אָרֶעמֶע לֵייט, זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט בְּלֵייבְּט אוֹיף אֵייבִּיג :

10 אוּנְד דֶער וָואס גִיבְּט דֶעם זָאמֶען צוּם זֵייעֶר, דֶער וֶועט אֵייךְ אוֹיךְ גֶעבֶּען בְּרוֹיט פַאר שְׁפֵּייז, אוּנְד וֶועט מֶעהְרֶען אֵייעֶר זָאמֶען, אוּנְד וֶועט לָאזֶען וַואקְסֶען דִיא פְרוּכְט פוּן אֵיירֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט :

11 אַז אִיהְר זָאלְט אִין אַלֶעם רֵייךְ זֵיין צוּ אַלֶער פְרֵייגֶעבִּיגְקֵייט, וָואס בְּרֶענְגְט אֵיין דַאנְק צוּ גָאט דוּרְךְ אוּנְס :

12 וָוארִין דָאס אוֹיסְרִיכְטֶען פוּן דִיזֶער גָאבּ טְהוּט נִיט אַלֵיין דֶערְפִילֶען דָאס בֶּעדַארְפְנִיס פוּן דִיא הֵיילִיגֶען, נֵייעֶרְט עֶס מֶעהְרְט זִיךְ אוֹיךְ אִין פִיל דַאנְק צוּ גָאט :

13 וָוארִין דוּרְךְ דֶער פְּרוּף פוּן דִיזֶען דִינְסְט טְהוּן זֵייא גָאט דַאנְקֶען פַאר אֵיירֶע בֶּעקֶענְטֶע אוּנְטֶערְטֶענִיגְקֵייט צוּם עֶוַואנְגֶעלְיוּם פוּן מָשִׁיחַ, אוּנְד פַאר אֵיירֶע רֵייכֶע נְדָבָה צוּ זֵייא אוּנְד צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען :

14 אוּנְד אִין זֵייעֶר גֶעבֶּעט פַאר אֵייךְ, וָואס גְלִיסְטֶען נָאךְ אֵייךְ דוּרְךְ דֶער גְרוֹיסֶער גְנָאד פוּן גָאט אִיבֶּער אֵייךְ :

15 אָבֶּער גָאט זֵייא גֶעדַאנְקְט פַאר זֵיינֶע אוּנְאוֹיסְשְׁפְּרֶעכְלִיכֶער גָאבּ :

## קַאפִּיטֶעל י

1 אוּנְד אִיךְ פּוֹלוּס בֶּעט אֵייךְ בֵּייא דֶער זַאנְפְטמוּטִיגְקֵייט אוּנְד גֶעלִינְדִיגְקֵייט פוּן מָשִׁיחַ. וָואס וֶוען אִיךְ בִּין בֵּייא אֵייךְ בִּין אִיךְ נִידֶערִיג צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אָבֶּער וֶוען אִיךְ בִּין אָפְּוֶועזֶענְד בִּין אִיךְ פְרֵייא קֶעגֶען אֵייךְ :

2 אָבֶּער אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, אַז וֶוען אִיךְ וֶועל בֵּייא אֵייךְ זֵיין זָאל אִיךְ נִיט בֶּעדַארְפֶען פְרֵייא צוּ זֵיין מִיט דֶעם דְרֵייסְט, וָואס אִיךְ דֶענְק עֶפֶּענְטְלִיךְ צוּ רֶעדֶען קֶעגֶען דִיא וָואס דֶענְקֶען אַז מִיר וַואנְדְלֶען אִין דֶעם פְלֵיישׁ :

3 וָוארִין חָאטְשֶׁע מִיר וַואנְדְלֶען אִין דֶעם פְלֵיישׁ, אַזוֹי שְׁטְרֵייטֶען מִיר דָאךְ נִיט נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ :

4 וָוארִין דִיא וַואפֶען פוּן אוּנְזֶער שְׁטְרֵייט אִיז נִיט נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, נֵייעֶרְט עֶס אִיז מֶעכְטִיג דוּרְךְ גָאט פֶעסְטוּנְגֶען אֵיינְצוּוַוארְפֶען :

5 אוּנְד מִיר פַארשְׁטֶערֶען דִיא גֶעדַאנְקֶען אוּנְד אִיטְלִיכֶע הוֹיכֶע זַאךְ וָואס דֶערְהֵייבְּט זִיךְ קֶעגֶען דֶער וִויסֶענְשַׁאפְט פוּן גָאט, אוּנְד נֶעמֶען גֶעפַאנְגֶען אִיטְלִיכֶע גֶעדַאנְקֶען צוּם גֶעהָארְזַאם פוּן מָשִׁיחַ :

6 אונד מיר זענען פארטיג צו שטראָ־
פען אַלע ווידערשפּעניגקייט, ווען אייער
געהאָרזאַם איז דערפילט:
7 טהוט איהר ריכטען נאָך דעם אָנ־
זעהען? ווען איינער איז אין זיך פאר־
זיכערט אַז ער געהער צו משיח, לאָז
ער דאָס אויך בּייא זיך דענקען, אַז
וויא ער געהער צו משיח אַזוי געהערען
מיר אויך צו משיח:
8 וואָרין ווען איך זאָל מיך אויך עפּעס
מעהר בּריהמען וועגען אונזערע מאַכט,
וואָס דער האר האָט אונס געגעבּען
כּדי אייך צו פאַרבּעסערען אונד ניט צו
פאַרדאַרבּען, אַזוי וועל איך ניט פאַר־
שעמט ווערען:
9 אַז איהר זאָלט ניט דענקען אַז איך
וויל אייך דערשרעקען מיט מיינע
בּריף:
10 וואָרין זייא זאָגען, זיינע בּריף
זענען וויכטיג אונד שטאַרק, אָבּער
ווען ער איז בּייא אונס איז ער שוואַך,
אונד זיינע רייד זענען געמיין:
11 לאָז איין זאָלכער דאָס געדענקען,
אַז אַזוי וויא מיר זענען אין די רייד
דורך בּריף ווען מיר זענען אָפּוועזענד,
אַזוי וועלען מיר אויך זיין אין ווערק
ווען מיר וועלען בּייא אייך זיין:
12 וואָרין מיר אונטערשטיין זיך ניט
מיר זאָלען זיך רעכנען אָדער פאַר־
גלייכען מיט די לייט וואָס לויבּען זיך
זעלבּסט. אָבּער וויל זייא מעסטען זיך
בּייא זיך זעלבּסט, אונד פאַרגלייכען
זיך מיט זיך זעלבּסט, אַזוי זענען זייא
ניט קלוג:
13 אָבּער מיר בּריהמען זיך ניט מיט
זאַכען אויסער דעם מאָס, נייערט נאָך
דעם רעגעלמעסיגען מאָס וואָס גאָט
האָט אונס אָפּגעמאָסטען, אַז עס זאָל
דערלאַנגען בּיז צו אייך:
14 וואָרין מיר זענען ניט אויסער דעם
מאָס אַרויסגעגאַנגען, גלייך מיר העטען
צו אייך ניט דערלאַנגט, וואָרין מיר
זענען געקומען בּיז צו אייך אין דעם
עוואַנגעליום פון משיח:
15 אונד מיר בּריהמען זיך ניט מיט
זאַכען אויסער דער מאָס, מיט פרעמ־
דער אַרבּייט, אָבּער מיר האָפען, אַז
ווען אייער גלויבּען וועט זיך מעהרען,
אַזוי וועלען מיר דורך אייך פיל
פאַרגרעסערט ווערען נאָך אונזערע
רעגעל:
16 כּדי מיר זאָלען פּרעדיגען דאָס
עוואַנגעליום אין די לענדער וואָס
ליגען ווייטער פון אייך, אונד זאָלען
זיך ניט בּריהמען מיט אין פרעמדען
טייל וואָס איז פאַר אונס פאַרטיג גע־
מאַכט:
17 אָבּער דער וואָס ריהמט זיך, לאָז
ער זיך ריהמען אין דעם האר:
18 וואָרין ניט דער וואָס לויבּט זיך
זעלבּסט איז אָנגענומען, נייערט דער
וועלכען דער האר לויבּט:

## קאפּיטעל יא

1 הלואי העט איהר געקענט מיינע
נאַרישקייט אַבּיסעל אויסהאַלטען,
אונד איהר טהוט מיט מיר אויך
אויסהאַלטען:
2 וואָרין איך בּין וועגען אייך אייפ־
ריג מיט אַ געטליכער אייפריגקייט,
וואָרין איך האָב אייך פערלויבּט צו
איין מאַן, אַז איך זאָל אייך פאַר־
שטעלען איינע ריינע יונגפרויא צו
משיח:
3 אָבּער איך האָב מורא, טאָמער

אַזוי וִויא דִיא שְׁלַאנְג הָאט פַארְפִירְט
חַוָה מִיט אִיהְרֶע לִיסְט, אַזוי וֶועלֶען
אויךְ אֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען פַארְדָארְבֶּען
וֶוערֶען פוּן דֶער אֵיינְפֶעלְטִיגְקֵייט וָואס
אִיז אִין מָשִׁיחַ:

4 וָוארִין וֶוען אֵיינֶער זָאל קוּמֶען אוּנְד
זָאל אֵייךְ פְּרֶעדִיגֶען אֵיין אַנְדֶערְן יֵשׁוּעַ
וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעפְּרֶעדִיגְט,
אָדֶער וֶוען אִיהְר זָאלְט אַנְטפַאנְגֶען אֵיין
אַנְדֶערֶען גֵייסְט וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט
נִיט אַנְטפַאנְגֶען, אָדֶער אֵיין אַנְדֶער
עֶוַואנְגֶעלִיוּם וֶועלְכֶעס אִיהְר הָאט נִיט
אָנְגֶענוּמֶען, אַזוי מֶעכְט אִיהְר עֶס וָואוִיל
לֵיידֶען:

5 וָוארִין אִיךְ דֶענְק אַז אִיךְ בִּין גָאר
נִיט וֵוויינִיגֶער פוּן דִיא הֶעכְסְטֶע אַפָּאסְ-
טֶעלְס:

6 אוּנְד חָאטְשֶׁע אִיךְ בִּין גֶעמֵיין אִין
רֶעדֶען, אַזוי בִּין אִיךְ דָאךְ נִיט אִין
וִויסֶענְשַׁאפְט, נֵייעֶרְט מִיר זֶענֶען בֵּייא
אֵייךְ אִין אַלֶעם גוּט בֶּעקֶענְט:

7 הָאבּ אִיךְ דֶערְמִיט גֶעזִינְדִיגְט וֵוייל
אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶערְנִידֶערִיגְט אַז אִיהְר
זָאלְט דֶערְהֵייבְט וֶוערֶען? אוּנְד וֵוייל
אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס
עֶוַואנְגֶעלִיוּם פוּן גָאט אוּמְזוּנְסְט:

8 אִיךְ הָאבּ גֶערוֹיבְּט אַנְדֶערֶע גֶע-
מֵיינְדֶען, אוּנְד הָאבּ גֶענוּמֶען לוֹין כְּדֵי
אֵייךְ צוּ דִינֶען:

9 אוּנְד וֶוען אִיךְ בִּין בֵּייא אֵייךְ גֶעוֶועזֶען
אוּנְד הָאבּ נוֹיט גֶעהַאט אַזוי
בִּין אִיךְ קֵיינֶעם נִיט בֶּעשְׁוֶוערְלִיךְ גֶע-
וֶועזֶען, וָוארִין דִיא בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען
גֶעקוּמֶען פוּן מַקְדוֹנְיָא הָאבֶּען מֵיין
בֶּעדֶערְפֶענִיס אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעהִיט אִין אַלֶעם כְּדֵי
אִיךְ זָאל אֵייךְ נִיט בֶּעשְׁוֶוערְלִיךְ זַיין,
אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ וֵוייטֶער הִיטֶען:

10 אַזוי וִויא דִיא וָוארְהֵייט פוּן מָשִׁיחַ
אִיז אִין מִיר, אַזוי זָאל קֵיינֶער נִיט
וֶועהְרֶען דִיזֶען רוּהְם אִין דִיא גֶעמֵיינְדֶען
פוּן אַכַאיָא:

11 אוּנְד וָוארוּם? וֵוייל אִיךְ הָאבּ אֵייךְ
נִיט לִיבּ? גָאט וֵוייסְט עֶס:

12 אָבֶּער וָואס אִיךְ טְהוּא דָאס וֶועל
אִיךְ טְהוּן כְּדֵי אִיךְ זָאל הִינְדֶערֶען אַ
גֶעלֶעגֶענְהֵייט פוּן דִיא וָואס זִיכֶען אַ
גֶעלֶעגֶענְהֵייט, אוּנְד אִין דֶעם וָואס
זֵייא בְּרִיהְמֶען זִיךְ, זָאלֶען זֵייא זַיין
אַזוי וִויא מִיר:

13 וָוארִין זָאלְכֶע זֶענֶען פַאלְשֶׁע אַ-
פָּאסְטֶעלְס, בֶּעטְרִיגְלִיכֶע וֶוערְקְלֵייט,
וָואס פַארְשְׁטֶעלֶען זִיךְ פַאר אַפָּאסְטֶעלְס
פוּן מָשִׁיחַ׃

14 אוּנְד עֶס אִיז קֵיין וְואוּנְדֶער נִיט,
וָוארִין דֶער שָׂטָן זֶעלְבְּסְט פַארְשְׁטֶעלְט
זִיךְ פָאר אֵיין מַלְאָךְ פוּן לִיכְט:

15 דְרוּם אִיז עֶס קֵיינֶע גְרוֹיסֶע זַאךְ
נִיט וֶוען זֵיינֶע דִינֶערְס פַארְשְׁטֶעלֶען
זִיךְ פַאר דִינֶערְס פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט,
אָבֶּער זֵייעֶר סוֹף וֶועט זַיין נָאךְ זֵייעֶרֶע
מַעֲשִׂים נָאךְ:

16 אִיךְ זָאג וִוידֶער, לָאז מִיךְ קֵיינֶער
פַאר קֵיין נַאר נִיט הַאלְטֶען, אָבֶּער
וֶוען נִיט, אַזוי נֶעמְט מִיךְ אָן וִויא אֵיין
נַאר, כְּדֵי אִיךְ זָאל מִיךְ אוֹיךְ אַבִּיסֶעל
בְּרִיהְמֶען:

17 דָאס וָואס אִיךְ רֶעד, דָאס זָאג
אִיךְ נִיט פוּן דֶעם הַאר, נֵייעֶרְט וִויא
אִין נַארִישְׁקֵייט מִיט דִיזֶען זִיכֶערְן
בְּרִיהְמֶען:

18 זִינְטְמָאל פִילֶע בְּרִיהְמֶען זִיךְ נָאךְ
דֶעם פְלֵיישׁ נָאךְ, אַזוי וֶועל אִיךְ מִיךְ
אוֹיךְ בְּרִיהְמֶען:

19 וָוארִין אִיהְר פַארטְרָאגְט גֶערְן
דִיא נאַרֶען, ווייל אִיהְר זֶענְט קְלוּג :
20 וָוארִין אִיהְר פַארטְרָאגְט וָוען אֵיי־
נֶער מַאכְט אֵייךְ פַאר קְנֶעכְט, וָוען
אֵיינֶער שְׁלִינְגְט אֵייךְ אֵיין, וָוען אֵיינֶער
נֶעמְט פוּן אֵייךְ, וָוען אֵיינֶער דֶערְהֵייבְּט
זִיךְ קֶעגֶען אֵייךְ, וָוען אֵיינֶער שְׁלָאגְט
אֵייךְ אִיבֶּער דֶעם פָּנִים .
21 אִיךְ זָאג דָאס פַאר בּוּשָׁה, גְלֵייךְ
מִיר הֶעטֶען שְׁוַואךְ גֶעוֶועזֶען, אָבֶּער
אִין וָואס פַאר אֵיין זַאךְ אֵיינֶער אִיז
דְרֵייסְט, (אִיךְ רֶעד נאַרִישְׁקֵייט) אַזוֹי
בִּין אִיךְ אוֹיךְ דְרֵייסְט :
22 זֶענֶען זֵייא עִבְרִים ? דָאס בִּין אִיךְ
אוֹיךְ ; זֶענֶען זֵייא יִשְׂרְאֵלִים ? דָאס בִּין
אִיךְ אוֹיךְ, זֶענֶען זֵייא מִזֶרַע אַבְרָהָם ?
דָאס בִּין אִיךְ אוֹיךְ :
23 זֶענֶען זֵייא דִינֶערְס פוּן מָשִׁיחַ ?
(אִיךְ רֶעד וִויא אֵיין נאַר) אִיךְ בִּין
מֶעהְר, אִין שְׁלֶעג אִיבֶּער דֶעם מָאס,
אִין גֶעפֶּענְקֶענִיסֶען מֶעהְר, אִין טוֹיט
אָפְּט :
24 פוּן דִיא יוּדֶען הָאבּ אִיךְ פִינְף
מָאל דֶערְהַאלְטֶען גֵיין אוּנְד דְרֵייסִיג
מַלְקוֹת :
25 דְרֵייא מָאל בִּין אִיךְ מִיט רוּטֶער
גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען, אֵיין מָאל בִּין
אִיךְ גֶעשְׁטֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען, דְרֵייא מָאל
הָאבּ אִיךְ שִׁיף בְּרוּךְ גֶעלִיטֶען, אֵיין
טָאג אוּנְד אֵיינֶע נאַכְט בִּין אִיךְ אִין
דֶער טִיפֶענִים גֶעוֶועזֶען :
26 אִין רֵייזֶען אָפְּט, אִין גֶעפַאהְר פוּן
וַואסֶער, אִין גֶעפַאהְר פוּן רֵייבֶּער, אִין
גֶעפַאהְר בֵּייא מֵיין אֵייגֶענֶעם פָאלְק,
אִין גֶעפַאהְר בֵּייא דִיא גוֹיִם, אִין
גֶעפַאהְר אִין דֶער שְׁטָאט, אִין גֶעפַאהְר
אִין דֶער וִויסְטֶענִיס, אִין גֶעפַאהְר אוֹיף
דֶעם יַם, אִין גֶעפַאהְר צְוִוישֶׁען פַאלְשֶׁע
בְּרִידֶער :
27 אִין אַרְבֵּייט אוּנְד מִידִיגְקֵייט, אִין
פִיל וַואכֶען, אִין הוּנְגֶער אוּנְד דוּרְשְׁט,
אִין פִיל פַאסְטֶען, אִין קֶעלְט אוּנְד
נאַקֶעט :
28 חוּץ אוֹיסֶערְלִיכֶע זַאכֶען וָואס
פַאלֶען אוֹיף מִיר טֶעגְלִיךְ, דִיא זָארְג
פוּן אַלֶע גֶעמֵיינְדֶען :
29 וֶוער אִיז שְׁוַואךְ אוּנְד אִיךְ בִּין
נִיט שְׁוַואךְ ? וֶוער וֶוערְט גֶעעֶרְגֶערְט
אוּנְד עֶס פַארְדְרִיסְט מִיךְ נִיט ?
30 וָוען אִיךְ מוּז מִיךְ יוֹא בְּרִיהְמֶען,
אַזוֹי וֶועל אִיךְ מִיךְ בְּרִיהְמֶען מִיט
מֵיינֶע שְׁוַואכְהֵייט :
31 דֶער גָאט אוּנְד פָאטֶער פוּן אוּנְזֶער
הַאר יֵשׁוּעַ מָשִׁיחַ, וָואס אִיז גֶעלוֹיבְּט
אוֹיף אֵייבִּיג, וֵוייסְט אַז אִיךְ לִיג נִיט :
32 אִין דַמֶשֶׂק הָאט דֶער גוּבֶּערְנַאר־
טָאר פוּן דֶעם קֶענִיג אָרֶעטַאס גֶעהִיט
דִיא שְׁטָאט פוּן דִיא בְּנֵי דַמֶשֶׂק, אוּנְד
עֶר הָאט מִיךְ גֶעוָואלְט חַאפֶּען :
33 אוּנְד אִיךְ וַואר אַרוּפּ גֶעלָאזְט אִין
אֵיין קָארְבּ דוּרְךְ אֵיין פֶענְסְטֶער בֵּייא
דֶער מוֹיעֶר. אוּנְד בִּין פוּן זֵיינֶע הֶענְד
אַנְטְרִינֶען :

## קאפיטעל יב

1 עֶס קוּמְט מִיר נִיט צוּ נִיץ אַז אִיךְ
זָאל מִיךְ בְּרִיהְמֶען אָבֶּער אִיךְ וֶועל
קוּמֶען צוּ גֶעזִיכְטֶע אוּנְד אַנְטְפְּלֶעקֶען
פוּן דֶעם הַאר :
2 אִיךְ קֶען אֵיין מַאן אִין מָשִׁיחַ פַאר
פִירְצֶעהֶן יָאהְר, (אוֹיבּ עֶר וַואר אִין
דֶעם לֵייבּ וֵוייס אִיךְ נִיט, אָדֶער
אוֹיסֶער דֶעם לֵייבּ וֵוייס אִיךְ נִיט ?
גָאט וֵוייסְט). אַזָאלְכֶער וַואר אַרוֹיפְגֶע־
נוּמֶען צוּם דְרִיטֶען הִימֶעל :

3 אוּנְד אִיךְ קֶען אַיין זָאלְכֶען מַאן (אוֹיבּ עֶר וַואר אִין דֶעם לֵייבּ אָדֶער אוֹיסֶער דֶעם לֵייבּ ווייס אִיךְ נִיט, גָאט ווייסְט) :

4 אַז עֶר וַואר אַרוֹיפְגֶענוּמֶען צוּם גַן עֵדֶן, אוּנְד הָאט גֶעהֶערְט אוּנְאוֹיסְשְׁפְּרֶעכְלִיכֶע רֵייד, וָואס קֵיין מֶענְשׁ טָאר נִיט זָאגֶען :

5 מִיט אַיין זָאלְכֶען ווִיל אִיךְ מִיךְ בְּרִיהְמֶען, אָבֶּער מִיט מִיר זֶעלְבְּסְט ווִיל אִיךְ מִיךְ נִיט בְּרִיהְמֶען, נֵייעֶרְט מִיט מֵיינֶע שְׁוַואכְהֵייטֶען :

6 וָוארִין וֶוען אִיךְ זָאל מִיךְ וֶועלֶען בְּרִיהמֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ קֵיין נַאר נִיט זַיין ; וָוארִין אִיךְ זָאג דִיא וָואהְרְהֵייט, אָבֶּער אִיךְ פַארְמֵייד עֶס, אַז קֵיינֶער זָאל פוּן מִיר נִיט הַאלְטֶען מֶעהְר ווִיא עֶר זֶעהְט אָן מִיר אוּנְד דָאס וָואס עֶר הֶערְט פוּן מִיר :

7 אוּנְד אַז אִיךְ זָאל מִיךְ נִיט צוּפִיל דֶערְהֵייבֶּען, דוּרְךְ דֶעם פִילֶען אַנְטְפְּלֶעקֶען, אַזוֹי אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען אַיין דָארֶען אִין דֶעם פְלֵיישׁ, אַיין שָׁלִיחַ פוּן שָׂטָן עֶר זָאל מִיךְ שְׁלָאגֶען, אַז אִיךְ זָאל מִיךְ נִיט צוּפִיל דֶערְהֵייבֶּען :

8 פַאר דִיזֶען הָאבּ אִיךְ צוּ דֶעם הַאר דְרֵייא מָאל גֶעבֶּעטֶען, אַז עֶס זָאל זִיךְ פוּן מִיר אָפְּטְהוּן :

9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, מֵיינֶע גְנָאד אִיז גֶענוּג פַאר דִיר, וָוארִין מֵיינֶע מַאכְט וֶוערְט שְׁטַארְק אִין דֶער שְׁוַואכְהֵייט. דְרוּם וֶועל אִיךְ מִיךְ זֵייעֶר גֶערְן בְּרִיהְמֶען מִיט מֵיינֶע שְׁוַואכְהֵייטֶען, אַז דִיא מַאכְט פוּן מָשִׁיחַ זָאל אוֹיף מִיר רוּהֶען :

10 דְרוּם לָאז אִיךְ מִיר גֶעפַאלֶען אִין שְׁוַואכְהֵייטֶען, אִין לֶעסְטֶערוּנְג, אִין דֶער נוֹיט, אִין פַארְפָאלְגוּנְג, אִין אַנְגְסְטֶען פוּן וֶועגֶען מָשִׁיחַ ; וָוארִין וֶוען אִיךְ בִּין שְׁוַואךְ, דֶענְסְמָאלְט בִּין אִיךְ שְׁטַארְק :

11 אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען אַיין נַאר מִיט דֶעם בְּרִיהְמֶען, אִיהְר הָאט מִיךְ דֶערְצוּ גֶענֵייטִיגְט, וָוארִין אִיךְ הֶעט גֶעקֶעהֶערְט בֵּייא אֵייךְ גֶעלוֹיבְּט צוּ וֶוערֶען, וָוארִין אִיךְ בִּין גָאר נִישְׁט ווֵיינִיגֶער פוּן דִיא הֶעכְסְטֶע אַפָּאסְטֶעלְס, חָאטְשֶׁע אִיךְ בִּין אַיין גָאר נִישְׁט :

12 דִיא צֵייכֶען פוּן אַיין אַפָּאסְטֶעל זֶענֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ גֶעווִירְקְט גֶעוָוארֶען מִיט אַלֶער גֶעדוּלְד, מִיט צֵייכֶען אוּנְד ווְאוּנְדֶער אוּנְד גְבוּרוֹת :

13 וָואס הָאט אֵייךְ גֶעפֶעהְלְט מֶעהְר ווִיא אַנְדֶערֶע גֶעמֵיינְדֶען, חוּץ דָאס אִיךְ זֶעלְבְּסְט בִּין אֵייךְ נִיט בֶּעשְׁוֶוערְלִיךְ גֶעוֶועזֶען ? פַארְגִיבְּט מִיר דִיזֶעס אוּמְרֶעכְט :

14 נוּן בִּין אִיךְ דָאס דְרִיטֶע מָאל פַארְטִיג צוּ אֵייךְ צוּ קוּמֶען, אוּנְד אִיךְ ווִיל אֵייךְ נִיט בֶּעשְׁוֶוערְלִיךְ זַיין ; וָוארִין אִיךְ זוּךְ נִיט דָאס אֵיירִיגֶע, נֵייעֶרְט אֵייךְ, וָוארִין עֶס שִׁיקְט זִיךְ נִיט אַז דִיא קִינְדֶער זָאלֶען זַאמְלֶען פַאר דִיא עֶלְטֶערְן, נֵייעֶרְט דִיא עֶלְטֶערְן פַאר דִיא קִינְדֶער :

15 אוּנְד אִיךְ ווִיל זֵייעֶר גֶערֶען אוֹיסְלֵייגֶען אוּנְד אוֹיסְגֶעלֵייגְט וֶוערֶען פַאר אֵיירֶע נְשָׁמוֹת ; חָאטְשֶׁע וָואס מֶעהְר אִיךְ לִיבּ אֵייךְ בִּין אִיךְ נָאךְ ווֵיינִיגֶער גֶעלִיבְּט :

16 אָבֶּער לָאז עֶס אַזוֹי זַיין, אִיךְ הָאבּ אֵייךְ דָאךְ נִיט בֶּעשְׁוֶועהְרְט ; נֵייעֶרְט ווַייל אִיךְ בִּין קְלוּג, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אֵייךְ גֶעחַאפְּט מִיט לִיסְט :

17 האָב איך אײַך עפּעס בּעראויבּט דורך דיא וואָס איך האָב צו אײַך געשיקט:

18 איך האָב געבּעטען טיטוס אונד איך האָב מיט איהם געשיקט איין בּרודער, האָט אײַך טיטוס עפּעס בּעראויבּט? האָבּען מיר ניט געוואַנדעלט אין דעם זעלבּיגען גייסט? זענען מיר ניט געגאַנגען אין דעם זעלבּיגען טריט?

19 דענקט איהר ווידער אַז מיר פאַרענטפערן זיך פאַר אײַך? מיר רעדען צו פאַר גאָט אין משיח, אָבּער דאָס אַלעס, געליבּטע, טהון מיר צו אײַערע פאַרבּעסערונג:

20 וואָרין איך פאָרכט מיך, טאָמער ווען איך וועל קומען וועל איך אײַך ניט געפינען אַזוי וויא איך האָב גערען, אונד איהר וועט מיך אויך ניט געפינען אַזוי וויא איהר האָט גערען; אונד עס זאָל ניט זיין קיין געצאַנק, אָדער קנאה, אָדער צאָרן, אָדער מחלוקת, אָדער לשון הרע, אָדער געמורמעל, אָדער אויפבּריהען, אָדער געטומעל:

21 טאָמער ווען איך וועל ווידערקומען, וועט מיך גאָט דערנידערן צווישען אײַך, אונד איך וועל טרויערען איבּער פילע וואָס האָבּען שוין פריר געזינדיגט, אונד האָבּען ניט תשובה געטהון פאַר דער אומריינינקייט, אונד הורעריי אונד עזות'דיגע לעבּען וואָס זייא האָבּען געטריבּען:

קאַפּיטעל יג

1 דאָס איז דאָס דריטע מאָל דאָס איך קום צו אײַך. דורך צוויא אָדער דרייא עדות וועט איטליכע זאַך בּעשטעטיגט ווערען:

2 איך האָב אײַך שוין פריער געזאָגט, אונד איך זאָג אײַך גלייך איך העט בּייא אײַך געוועזען צום צווייטען מאָל, אונד ווייל איך בּין אַצונד אָפּעוועזענד, אַזוי שרייבּ איך צו דיא וואָס האָבּען פריר געזינדיגט אונד צו אַלע אַנדערע אַז ווען איך וועל ווידער אַמאָל קומען אַזוי וועל איך ניט שפּאָרען:

3 זינטמאָל איהר זוכט אַ פּרוף אַז משיח רעדט אין מיר, וואָס איז ניט שוואַך קעגען אײַך גייערט ער איז מעכטיג אין אײַך:

4 וואָרין ווען ער איז אויך געקרייציגט געוואָרען אין שוואַכהייט אַזוי לעבּט ער דאָך דורך דער קראַפט פון גאָט, וואָרין מיר זענען אויך שוואַך אין איהם, אָבּער מיר וועלען מיט איהם לעבּען דורך דער מאַכט פון גאָט קעגען אײַך:

5 פּרופט אײַך אויב איהר זענט אין דעם גלויבּען, פּרופט אײַך זעלבּסט, ווייסט איהר דען ניט אויך זעלבּסט, אַז ישוע המשיח איז אין אײַך? אויסגענומען איהר זענט פאַרוואָרפענע:

6 אָבּער איך האָף אַז איהר ווייסט אַז מיר זענען ניט קיינע פאַרוואָרפענע:

7 איך בּעט צו גאָט אַז איהר זאָלט גאָר קיין בּייז ניט טהון, ניט אַז מיר זאָלען שיינען וויא אָנגענומען, גייערט אַז איהר זאָלט גוטעס טהון, חאָטשע מיר זאָלען זיין וויא פאַרוואָרפענע:

8 וואָרין מיר קענען גאָר נישט טהון קעגען דער וואָרהייט, גייערט פאַר דער וואָרהייט:

9 וָוארִין מִיר פְרֵייעֶן זִיךְ וָוען מִיר זֶענֶען שְׁוַואךְ, אוּנְד אִיהְר זֶענְט שְׁטַארְק, אוּנְד דָאס וִוינְשֶׁען מִיר אוֹיךְ, אֵיירֶע גַאנְצְהַייט:

10 דְרוּם שְׁרֵייבּ אִיךְ דָאס וָוען אִיךְ בִּין אָפְּוֶועזֶענְד, אַז וֶוען אִיךְ וֶועל בֵּייא אֵייךְ זַיין זָאל אִיךְ נִיט שַׁארְף זַיין, נָאךְ דֶער מַאכְט וָואס דֶער הַאר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען צוּם פַארְבֶּעסֶערֶען אוּנְד נִיט צוּם פַארְדַארְבֶּען:

11 צוּ לֶעצְט, בְּרִידֶער, זַייט גֶעגְרִיסְט, זַייט גַאנְץ, זַייט גֶעטְרֵייסְט, הָאט אֵיינֶערְלֵייא מֵיינוּנְג, זַייט פְרִידְלִיךְ, אוּנְד דֶער גָאט פוּן לִיבְּשַׁאפְט אוּנְד פוּן פְרִידֶען וֶועט מִיט אֵייךְ זַיין:

12 גְרִיסְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען מִיט אֵיין הֵיילִיגֶען קִישׁ:

13 אַלֶע הֵיילִיגֶע לָאזֶען אֵייךְ גְרִיסֶען:

14 דִיא גְנָאד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְד דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן גָאט, אוּנְד דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען גֵייסְט זַייא מִיט אֵייךְ אַלֶע, אָמֵן:

דער צווייטער בריף צו דיא קארינטער וואר געשיקט פון פיליפי אין מקדוניא דורך טיטוס אונד לוקאס.

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פּוּלוּס צוּ דִיא גַאלַאטֶער.

1 פָּאוּל אֵיין אַפָּאסְטֶעל, נִיט פוּן מֶענְשֶׁען, אוֹיךְ נִיט דוּרְךְ אֵיין מֶענְשׁ, נֵייעֶרְט דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְד גָאט דֶעם פָאטֶער, וֶועלְכֶער הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דִיא טוֹיטֶע:

2 אוּנְד אַלֶע בְּרִידֶער וֶועלְכֶע זֶענֶען מִיט מִיר, צוּ דִיא קְהִילוֹת פוּן גַאלַאטִיֶען:

3 גְנָאד צוּ אֵייךְ, אוּנְד שָׁלוֹם פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער, אוּנְד אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:

4 וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט גֶעגֶעבֶּען פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְדֶען, כְּדֵי עֶר זָאל אוּנְס מַצִיל זַיין פוּן דֶער יֶעצְטִיגֶען בֵּייזֶען וֶועלְטצַייט, נָאךְ דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט אוּנְזֶער פָאטֶער:

5 צוּ וֶועלְכֶעם אִיז דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן אֵייבִּיגְקֵייט צוּ אֵייבִּיגְקֵייט! אָמֵן:

6 אִיךְ וְואוּנְדֶער מִיךְ אַז אִיהְר הָאט אֵייךְ אַזוֹי גֶעשְׁווִינְד אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן אִיהְם וֶועלְכֶער הָאט אֵייךְ בֶּערוּפֶען אִין דֶער גְנָאד פוּן מָשִׁיחַ, צוּ אֵיינֶע אַנְדֶערֶע בְּשׂוֹרָה:

7 וֶועלְכֶע אִיז נִיט קֵיינֶע אַנְדֶערֶע; נֵייעֶרְט דָא זֶענֶען עֶטְלִיכֶע דִיא מַאכֶען אֵייךְ בֶּעטְרִיבְּט אוּנְד ווִילֶען פֶערְקֶעהְרֶען דִיא בְּשׂוֹרָה פוּן דֶעם מָשִׁיחַ:

8 אָבֶּער וֶוען אוֹיךְ מִיר, אָדֶער אַ מַלְאָךְ פָאם הִימֶעל וֶועט צוּ אֵייךְ אֵיינֶע אַנְדֶערֶע בְּשׂוֹרָה פְרֶעדִיגֶען חוּץ דִיא וֶועלְכֶע מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט, דֶער זָאל פֶערְפְלוּכְט זַיין:

9 אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען פְרִיעֶר

גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאג אִיךְ יֶעצְט נָאךְ אַ מָאל,
וֶוען אֵיינֶער וֶועט צוּ אֵייךְ אַלְס בְּשׂוֹרָה
פְּרֶעדִיגֶען חוּץ דֶעם וָואס אִיהְר הָאט
אָנְגֶענוּמֶען, דֶער זָאל פֶערְפְלוּכְט זַיין:
10 זוּךְ אִיךְ דֶען יֶעצְט מֶענְשֶׁען אָדֶער
גָאט צוּ פְּרִידֶען צוּ שְׁטֶעלֶען? אָדֶער
זוּךְ אִיךְ מֶענְשֶׁען צוּ גֶעפַעלֶען? וֶוען
אִיךְ הֶעט נָאר בֶּעגֶעהְרְט מֶענְשֶׁען צוּ
גֶעפַאלֶען אַזוֹי וֶוער אִיךְ נִיט דֶער
קְנֶעכְט פוּן מָשִׁיחַ:
11 אָבֶּער אִיךְ לָאז אֵייךְ צוּ וִויסֶען
טְהוּן, בְּרִידֶער, דָאס דִיא בְּשׂוֹרָה וֶועלְכֶע
אִיז דוּרְךְ מִיר גֶעפְּרֶעדִיגְט, אִיז נִיט
נָאךְ דֶעם מֶענְשֶׁענְס:
12 וָוארִין אִיךְ הָאבּ זִיא נִיט עֶנְטְפַאנְגֶען
פוּן אַ מֶענְשׁ, אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ עֶס נִיט
גֶעלֶערְנְט, נֵייעֶרְט דוּרְךְ דִיא עֶנְט־
פְּלֶעקוּנְג פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
13 וָוארִין אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט וִויא
אִיךְ הָאבּ פְּרִיהֶער גֶעוַואנְדֶעלְט אִין
דֶער יוּדִישֶׁער רֶעלִיגְיָאן, דָאס אִיךְ
הָאבּ זֶעהְר שְׁטַארְק פֶערְפָאלְגְט דִיא
קְהִלָּה פוּן גָאט, אוּנְד הָאבּ זִיא
פֶערְווִיסְטֶעט:
14 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מֶעהְר צוּגֶענוּמֶען
אִין דֶער יוּדִישֶׁען רֶעלִיגְיָאן וִויא פִילֶע
פוּן מֵיינֶעם גְלֵייכֶען אִין מֵיין פָאלְק,
אוּנְד בִּין אֵייפְרִיגֶער גֶעוֶועזֶען פָאר דִיא
קַבָּלוֹת פוּן מֵיינֶע פֶעטֶער:
15 אָבֶּער וֶוען עֶס הָאט גָאט גֶעפַאר־
לֶען, וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט,
אֲפִילוּ פוּן מֵיין מוּטֶערְס לֵייבּ, אוּנְד
הָאט מִיךְ בֶּערוּפֶען דוּרְךְ זֵיינֶע גְנָאד:
16 זֵיין זוּהְן אִין מִיר צוּ עֶנְטְפְּלֶעקֶען,
אַז אִיךְ זָאל אִיהְם פְּרֶעדִיגֶען אוּנְטֶער
דִיא גוֹיִם, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מִיךְ נִיט
בַּאלְד בֶּערָאטֶען מִיט פְלֵיישׁ אוּנְד
בְּלוּט:
17 אוֹיךְ בִּין אִיךְ נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם צוּ דִיא וֶועלְכֶע וַוארֶען
אַפָּאסְטֶעלְס פָאר מִיר, נֵייעֶרְט אִיךְ
בִּין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ אַרַאבְּיֶען,
אוּנְד בִּין וִוידֶער צוּרִיקְגֶעקוּמֶען נָאךְ
דַאמַאסְקוּס:
18 אוּנְד נָאךְ דְרֵייא יָאהְר בִּין
אִיךְ אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם,
אִיךְ זָאל מִיךְ קֶענֶען לֶערְנֶען מִיט
פֶּעטְרוּס, אוּנְד אִיךְ בִּין בֵּייא אִיהְם גֶע־
בְּלִיבֶּען פִיפְצֶעהְן טֶעג:
19 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ קֵיין אַנְדֶערְן פוּן
דִיא אַפָּאסְטֶעלְס גֶעזֶעהֶען, חוּץ יַעֲקוֹב,
דֶעם בְּרוּדֶער פוּן דֶעם הַאר:
20 אָבֶּער דָאס וָואס אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ
אֵייךְ, זֶעהְט, גָאט וֵוייס אַז אִיךְ לִיגֶע
נִיט:
21 דֶערְנָאךְ בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען אִין
דִיא גֶעגֶענְד פוּן סוּרְיָא אוּנְד קִילוּקְיָא:
22 אִיךְ וַואר אָבֶּער נָאךְ אוּנְבֶּעקַאנְט
פָּנִים אֶל פָּנִים צוּ דִיא גֶעמֵיינְדֶען
(קְהִילוֹת) פוּן יְהוּדָה, וָואס זֶענֶען אִין מָשִׁיחַ:
23 זֵייא הָאבֶּען נוּר גֶעהֶערְט, אַז
דֶער, וֶועלְכֶער הָאט פְּרִיהֶער פֶערְ־
פָאלְגְט פְּרֶעדִיגְט יֶעצְט דֶען גְלוֹיבֶּען
וֶועלְכֶען עֶר הָאט פְּרִיהֶער פֶערְשְׁטֶערְט:
24 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גָאט פֶערְהֶערְ־
לִיכְט אִין מִיר:

### קאפיטעל ב

1 אוּנְד נָאךְ פִירְצֶעהְן יָאהְר, בִּין אִיךְ
וִוידֶער אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם
מִיט בַּר־נַבָּא, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ
טִיטוּס מִיטְגֶענוּמֶען:
2 אוּנְד אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶ־
גֶען וֶועגֶען אֵיינֶע עֶנְטְפְּלֶעקוּנְג, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ זֵייא פָארְגֶעלֵייגְט דָאס

עֲוַואַנְגֶעלִיוּם װעלְכֶעס אִיךְ הָאבּ גֶע־
פְּרֶעדִיגְט צוּ דִיא גוֹיִם, אָבֶּער אִים
פֶּערְבָּארְגֶענֶעם צוּ פָּארְנֶעהְמֶע לַייט,
כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט לוֹיפֶען, אָדֶער הֶעט
גֶעלָאפֶען אוּמְזָאנְסְט:
3 אָבֶּער טִיטוּס װעלְכֶער אִיז מִיט
מִיר גֶעוֶועזֶען, חָאטְשֶׁע עֶר וַואר אַיין
גְּרִיכֶע (יָוָן), אִיז עֶר דָאךְ נִיט גֶעצְוְוינְ־
גֶען גֶעוָוארֶען בֶּעשְׁנִיטֶען צוּ װערֶען:
4 אוּנְד דָאס וַואר װעגֶען דִיא פַּאלְשֶׁע
בְּרִידֶער, װָאס הָאבֶּען זִיךְ שְׁטִילֶערְהֵייט
אַרֵיינְגֶעשְׁלִיכֶען, װָאס זֶענֶען נוּר אַרֵיינְ־
גֶעקוּמֶען כְּדֵי אוֹיסְצוּשְׁפֶּעהֶען אוּנְזֶערֶע
פְרֵייהֵייט, װעלְכֶע מִיר הָאבֶּען אִין
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דָאס זֵייא זָאלֶען אוּנְס
אִין קְנֶעכְטשַׁאפְט בְּרֶענְגֶען:
5 צוּ װעלְכֶע וִויר הָאבֶּען נִיט נָאכְ־
גֶעגֶעבֶּען אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ זֵיין, נִיט
אַמָאל אֵיינֶע שָׁעָה, כְּדֵי דִיא װָאהְרְ־
הֵייט פוּן דֶעם עֲוַואַנְגֶעלִיוּם זָאל בֵּייא
אֵייךְ בְּלֵייבֶּען:
6 פוּן דִיא אָבֶּער װָאס שֵׁיינֶען עֶפֶּעס
צוּ זֵיין,—װער זֵיא אוֹיךְ וַוארֶען—דָאס
גֵייט מִיךְ נִיט אָן, גָאט אִיז נִיט קֵיין
נוֹשֵׂא פָּנִים—װָארִין דִיא װעלְכֶע וַוארֶען
אָנְגֶעזֶעהֶען הָאבֶּען מִיר גָארְנִיט מִיטְ־
גֶעטֵיילְט:
7 גֵייעֶרְט אוּמְגֶעקֶעהְרְט, װען זֵייא
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס מִיר אִיז אָנְפֶּערְ־
טְרוֹיעֶט דָאס עֲוַואַנְגֶעלִיוּם פַאר דִיא
עֲרֵלִים, אַזוֹי וִויא צוּ פֶּעטְרוּס דָאס
צוּ דִיא בֶּעשְׁנִיטֶענֶע:
8 װָארִין דֶער, װעלְכֶער הָאט גֶעוִוירְקְט
אִין פֶּעטְרוּס אִין דֶעם שְׁלִיחוּת צוּ דִיא
בֶּעשְׁנִיטֶענֶע, הָאט אוֹיךְ אִין מִיר
גֶעוִוירְקְט צוּ דִיא גוֹיִם:
9 אוּנְד װען זֵייא הָאבֶּען אֵיינְגֶעזֶעהֶען
דִיא גְנָאד װעלְכֶע אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען
גֶעוָוארֶען, אַזוֹי הָאבֶּען יַעֲקוֹב, אוּנְד
כֵּיפַאס אוּנְד יוֹחָנָן, װעלְכֶע הָאבֶּען
גֶעשֵׁיינְט אַלְס זֵיילֶען, דִיא רֶעכְטֶע
הַאנְד דֶער גֶעמֵיינְשַׁאפְט גֶעגֶעבֶּען צוּ
מִיר אוּנְד צוּ בַּר־נַבָּא, אַז וִויר זָאלֶען
גֵיין צוּ דִיא גוֹיִם, אוּנְד זֵייא צוּ דִיא
בֶּעשְׁנִיטֶענֶע:
10 זֵייא הָאבֶּען נָאר גֶעוָואלְט דָאס
וִויר זָאלֶען גֶעדֶענְקֶען אָן דִיא אָרֶעמֶע
לֵייט; װָאס אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעלְבְּסְט
גֶעפְלֵייסִיגְט צוּ טְהוּן:
11 אָבֶּער װען פֶּעטְרוּס אִיז גֶעקוּמֶען
נָאךְ אַנְטִיָּךְ, אַזוֹי בִּין אִיךְ אִיהְם אִין
זֵיין פָּנִים װִידֶערְשְׁטַאנֶען װייל עֶר
וַואר פֶערְאוּרְטֵיילְט:
12 װָארִין בֶּעפָאר עֶטְלִיכֶע לֵייט פוּן
יַעֲקוֹב זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט
עֶר גֶעגֶעסֶען מִיט דִיא גוֹיִם, אָבֶּער
װען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען הָאט עֶר זִיךְ
צוּרִיקְגֶעצוֹיגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ פוּן זֵייא
אָפְּגֶעשֵׁיידְט, װייל עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט
פַאר דִיא בֶּעשְׁנִיטֶענֶע:
13 אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא אִיבְּ־
רִיגֶע יוּדֶען אוֹיךְ מִיט אִיהְם פֶערְשְׁטֶעלְט,
דָאס אֲפִילוּ בַּר־נַבָּא אִיז דוּרְךְ זֵיירֶע
הֵייכֶעלֵייא אוֹיךְ פֶערְפִיהְרְט גֶעוָוא־
רֶען:
14 אָבֶּער װען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען
דָאס זֵייא הָאבֶּען נִיט אוֹיפְרִיכְטִיג
גֶעוַואנְדֶעלְט נָאךְ דֶער װָאהְרְהֵייט פוּן
דֶעם עֲוַואַנְגֶעלִיוּם, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ
גֶעזָאגְט צוּ פֶּעטְרוּס בֶּעפָאר אַלֶע, װען
דוּא בִּיזְט אַ יוּד, אוּנְד לֶעבְּסְט וִויא אַ
גוֹי אוּנְד נִיט וִויא אַ יוּד, װָארוּם
צְוִוינְגְסְט דוּא דִיא גוֹיִם אַז זֵייא זָאלֶען
לֶעבֶּען וִויא דִיא יוּדֶען?

15 מִיר וָואס זֶענֶען יוּדֶען פוּן נאַטוּר אוּנְד נִיט זִינְדֶער פוּן דִיא גוֹיִם:

16 אוּנְד וַויסֶען דָאס קֵיין מֶענְשׁ אִיז נִיט גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט דוּרְךְ דִיא וֶוערְקֶע פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, נֵייעֶרְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אַן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אַזוֹי הָאבֶּען וִויר אֵייךְ גֶעגְלוֹיבְּט אַן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דָאס וִויר זָאלֶען גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט וֶוערֶען דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אָן מָשִׁיחַ, אוּנְד נִיט דוּרְךְ דִיא וֶוערְקֶע פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, וַוייל דוּרְךְ דִיא וֶוערְקֶע פוּן דֶעם גֶעזֶעץ וֶועט קֵיין מֶענְשׁ נִיט גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט וֶוערֶען:

17 אָבֶּער וֶוען, וַוייל מִיר זוּכֶען גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט צוּ וֶוערֶען אִין מָשִׁיחַ, זֶענֶען מִיר אוֹיךְ זֶעלְבְּסְט אַלְס זִינְדֶער גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען—אִיז דֶען דֶער מָשִׁיחַ אַיין קְנֶעכְט פוּן דֶער זִינְדֶע? חָלִילָה:

18 וָוארִין וֶוען אִיךְ טְוּהא וִוידֶער אוֹיפְבּוֹיעֶן דִיא זַאכֶען וֶועלְכֶע אִיךְ הָאב אָפְּגֶעבְּרָאכֶען, אַזוֹי בֶּעוַוייז אִיךְ מִיךְ זֶעלְבְּסְט אַלְס אַיין אִיבֶּערְטְרֶעטֶער:

19 וָוארִין דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה בִּין אִיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען צוּ דֶער תּוֹרָה, כְּדֵי אִיךְ זָאל לֶעבֶּען צוּ גָאט:

20 אִיךְ בִּין גֶעקְרֵייצִיגְט מִיט מָשִׁיחַ, אָבֶּער אִיךְ לֶעב, דָאךְ נִיט אִיךְ, נֵייעֶרְט מָשִׁיחַ לֶעבְּט אִין מִיר, וָואס אִיךְ לֶעב אָבֶּער אַצוּנְד אִין דֶעם פְלֵיישׁ, דָאס לֶעב אִיךְ דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין דֶעם זוּהְן פוּן גָאט, וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעלִיבְּט, אוּנְד הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט פַאר מִיר אָפְּגֶעגֶעבֶּען:

21 אִיךְ מַאךְ נִיט דִיא גְנָאד פוּן גָאט אוּנְגִילְטִיג, וָוארִין וֶוען דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה, אַזוֹי אִיז דֶער מָשִׁיחַ אוּמְזוּסְט גֶעשְׁטָארְבֶּען:

## קאפיטעל ג

1 אוֹי נַארִישֶׁע גַאלַאטֶער! וֶוער הָאט אֵייךְ בֶּעצוֹיבֶּערְט דָאס אִיהְר זָאלְט נִיט גֶעהָארְכֶען דִיא וָואהְרְהֵייט? צוּ וֶועלְכֶע יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז וִויא פַאר אֵיירֶע אוֹיגֶען פָארְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען, אַלְס עֶפֶּענְטְלִיךְ גֶעקְרֵייצִיגְט אוּנְטֶער אֵייךְ:

2 דָאס אַלֵיין וָואלְט אִיךְ נוּר פוּן אֵייךְ לֶערְנֶען, הָאט אִיהְר עֶנְטְפַאנְגֶען דֶעם גֵייסְט דוּרְךְ דִיא וֶוערְקֶע פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, אָדֶער דוּרְךְ דִיא פְּרֶעדִיגְט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען?

3 זֵייט אִיהְר אַזוֹי נַארִישׁ? אִיהְר הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען אִין דֶעם גֵייסְט, וָואלְט אִיהְר יֶעצְט אִים פְלֵיישׁ עֶנְדִיגֶען?

4 הָאט אִיהְר אַזוֹי פִיל אוּמְזוּסְט גֶעלִיטֶען? וֶוען עֶס וִוירְקְלִיךְ אִיז אוּמְזוּסְט:

5 דֶער וֶועלְכֶער אֵייךְ גִיבְּט דֶעם גֵייסְט אוּנְד וִוירְקְט וְואוּנְדֶער אוּנְטֶער אֵייךְ, טְהוּט עֶר עֶס דֶען דוּרְךְ דִיא וֶוערְקֶע פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, אָדֶער דוּרְךְ דִיא פְּרֶעדִיגְט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען?

6 אַזוֹי וִויא אַבְרָהָם הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אָן גָאט, אוּנְד עֶס אִיז אִיהְם גֶערֶעכֶענְט גֶעוָוארֶען אַלְס גֶערֶעכְטִיגְקֵייט:

7 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר וִויסֶען אַז דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען דִיזֶעלְבֶּע זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן אַבְרָהָם:

8 דִיא שְׁרִיפְט אָבֶּער הָאט עֶס צוּפָאר גֶעזֶעהֶען אַז גָאט וֶועט דִיא גוֹיִם רֶעכְטפֶערְטִיגֶען דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען, אַזוֹי הָאט עֶר פְרִיהֶער גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם צוּ אַבְרָהָם, אוּנְד גֶעזָאגְט, אִין דִיר וֶועלֶען אַלֶע פֶעלְקֶער גֶעבֶּענְשְׁט וֶוערֶען:

9 אַזוי אַז דִיא װעלכֶע זֶענֶען אִין דֶעם גְלױבֶּען זֶענֶען גֶעבֶּענְשְׁט מִיט דֶעם גְלױבִּיגֶען אַבְרָהָם׃

10 װָארִין דִיא װעלכֶע גײעֶן אַרוּם מִיט דִיא װערקֶע פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, דִיא זֶענֶען אוּנְטֶער דֶעם פְלוּךְ, װָארִין עֶס שְׁטײט גֶעשְׁרִיבֶּען, פֶערפְלוּכְט אִיז אִיטְלִיכֶער װָאס בֶּעשְׁטֶעטִיגְט נִיט אַלֶעס װָאס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם סֵפֶר תּוֹרָה, כְּדֵי עֶס צוּ טְהוּן׃

11 אָבֶּער דָאס קֵײנֶער װֶערְט גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט פַאר גָאט דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ, אִיז קְלָאר, װָארִין דֶער גֶערֶעכְטֶער װֶעט דוּרְךְ דֶעם גְלױבֶּען לֶעבֶּען׃

12 אָבֶּער דָאס גֶעזֶעץ אִיז נִיט פוּן דֶעם גְלױבֶּען, נײעֶרְט דֶער װעלְכֶער זײא טְהוּט װֶעט דָאדוּרְךְ לֶעבֶּען׃

13 דֶער מָשִׁיחַ הָאט אוּנְס דֶערְלײזְט פוּן דֶעם פְלוּךְ פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, װײל עֶר אִיז גֶעװָארֶען אַ פְלוּךְ פַאר אוּנְס, װָארִין עֶס שְׁטֵײט גֶעשְׁרִיבֶּען, פֶערפְלוּכְט אִיז אִיטְלִיכֶער װָאס הֶענְגְט אוֹיף אַײן הָאלְץ׃

14 אַז דִיא בְּרָכָה פוּן אַבְרָהָם זָאל קוּמֶען אוֹיף דִיא גוֹיִם דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דָאס מִיר זָאלֶען עֶנְטפַאנְגֶען דִיא פֶערשְׁפְּרֶעכוּנְג פוּן דֶעם גײסְט דוּרְךְ דֶעם גְלױבֶּען ·

15 בְּרִידֶער, אִיךְ רֶעד נָאךְ מֶענְשְׁלִיכֶער װײזֶע, חָאטְשֶׁע עֶס אִיז נוּר אַ בּוּנְד (בְּרִית) פוּן אַ מֶענְשׁ, דָאךְ װֶען עֶר אִיז בֶּעשְׁטֶעטִיגְט, אַזױ מַאכְט אִיהם קֵײנֶער אוּנְגִילְטִיג אָדֶער טְהוּט עֶפֶּעס דַאצוּ׃

16 נוּן אָבֶּער זֶענֶען דִיא הַבְטָחוֹת צוּגֶעזָאגְט גֶעװָארֶען צוּ אַבְרָהָם אוּנְד צוּ זֵיינֶע זָאמֶען, עֶר הָאט נִיט גֶעזָאגְט, אוּנְד צוּ דִיא זָאמֶענְס, װִיא פוּן פִילֶע, נֵײעֶרְט װִיא פוּן אֵײנֶעם, אוּנְד צוּ דֵיין זָאמֶען, דָאס אִיז דֶער מָשִׁיחַ׃

17 דָאס אָבֶּער זָאג אִיךְ, אַ בּוּנְד, װעלְכֶער אִיז פוּן גָאט פְרִיהֶער בֶּעשְׁטֶעטִיגְט גֶעװָארֶען, קֶען דִיא תּוֹרָה, װעלְכֶע אִיז גֶעװֶעזֶען פִיעֶר הוּנְדֶערְט יָאהְר דֶערְנָאךְ, נִיט צֶערשְׁטֶערֶען, אַז זִיא זָאל דִיא פֶערשְׁפְּרֶעכוּנְג צוּ נִישְׁט מַאכֶען׃

18 װָארִין װֶען דָאס עֶרְבְטֵײל אִיז דוּרְךְ דִיא תּוֹרָה, אַזוי אִיז עֶס נִיט מֶעהְר דוּרְךְ דִיא פֶערשְׁפְּרֶעכוּנְג, אָבֶּער גָאט הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ אַבְרָהָם דוּרְךְ דִיא פֶערשְׁפְּרֶעכוּנְג׃

19 צוּ װָאס אִיז דֶען דִיא תּוֹרָה? זִיא אִיז צוּגֶעזֶעצְט גֶעװָארֶען װֶעגֶען דֶער אִיבֶּערטְרֶעטוּנְג, בִּיז דֶער זָאמֶען װֶעט קוּמֶען צוּ װֶעלְכֶען דִיא פֶערשְׁפְּרֶעכוּנְג אִיז גֶעמַאכְט גֶעװָארֶען, אוּנְד אִיז פֶערָארְדְנֶעט גֶעװָארֶען דוּרְךְ מַלְאָכִים אִין דֶער הַאנְד פוּן אַ מִיטְלֶער (מֵלִיץ)׃

20 נוּן אַ מִיטְלֶער אִיז נוּר מִיטְלֶער פוּן אֵײנֶעם, אָבֶּער גָאט אִיז אֵײנֶער׃

21 אִיז דֶען דִיא תּוֹרָה קֶעגֶען דִיא פֶערשְׁפְּרֶעכוּנְגֶען פוּן גָאט? חָלִילָה! װָארִין װֶען אַ תּוֹרָה װָאלְט גֶעגֶעבֶּען גֶעװָארֶען װֶעלְכֶע קֶען גֶעבֶּען לֶעבֶּען, אַזוי װֶער אוֹיךְ דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דוּרְךְ דִיא תּוֹרָה׃

22 אָבֶּער דִיא הֵיילִיגֶע שְׁרִיפְט הָאט אַלֶעס אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען אוּנְטֶער דִיא זִינְדֶע, כְּדֵי דִיא פֶערשְׁפְּרֶעכוּנְג דוּרְךְ דֶעם גְלױבֶּען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זָאל גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען צוּ דִיא װָאס גְלױבֶּען׃

23 אָבֶער אֵיידֶער דֶער גְלױבֶּען אִיז גֶעקוּמֶען, זֶענֶען מִיר גֶעהַאלְטֶען גֶעוָוארֶען אִין פֶערְוָואהְרוּנְג אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה, אוּנְד אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען צוּ דֶעם גְלױבֶּען, וֶועלְכֶער זָאלְט דֶערְנָאךְ עֶנְטפְּלֶעקְט וֶוערֶען:

24 דָארוּם אִיז דִיא תּוֹרָה גֶעוֶועזֶען אוּנְזֶער לֶעהְרֶער, כְּדֵי אוּנְס צוּ דֶעם מָשִׁיחַ צוּ פִיהְרֶען, דָאס מִיר זָאלֶען גֶערֶעכְטפֶערְטִיג וֶוערֶען דוּרְךְ דֶעם גְלױבֶּען:

25 אָבֶער יֶעצְט, וֶוען דֶער גְלױבֶּען אִיז גֶעקוּמֶען, אַזוֹי זֶענֶען מִיר נִיט מֶעהְר אוּנְטֶער אַ לֶעהְרֶער:

26 וָוארִין אִיהְר זֶענְט אַלֶע קִינְדֶער פוּן גָאט, דוּרְךְ דֶעם גְלױבֶּען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:

27 וָוארִין אַזוֹי פִילֶע פוּן אֵייךְ וָואס זֶענֶען גֶעטױפְט צוּ מָשִׁיחַ, דִיא הָאבֶּען דֶעם מָשִׁיחַ אָנְגֶעטְהוּן:

28 עֶס אִיז נִיט דָא אַ יוּד אָדֶער אַ יָוָן, עֶס אִיז נִיט דָא אַ שְׁקְלַאף אָדֶער אַ פְרֵייעֶר, עֶס אִיז נִיט דָא אַ זָכָר אָדֶער אַ נְקֵבָה, וָוארִין אִיהְר זֶענְט אַלֶע אֵיינְס אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:

29 אוּנְד וֶוען אִיהְר גֶעהֶערְט אָן צוּ מָשִׁיחַ, אַזוֹי זֶענְט אִיהְר דֶער זָאמֶען פוּן אַבְרָהָם, אוּנְד יוֹרְשִׁים נָאךְ דֶער פֶערְשְׁפְּרֶעכוּנְג:

קאפיטעל ד

1 אָבֶער אִיךְ זָאג, אַזוֹי לַאנְג ווִיא דֶער יוֹרֵשׁ אִיז אַ קִינְד אַזוֹי אוּנְטֶערְשֵׁיידֶעט עֶר זִיךְ נִיט פוּן אַ קְנֶעכְט, חָאטְשֶׁע עֶר אִיז דֶער הַאר פוּן אַלֶעם:

2 נֵייעֶרְט עֶר אִיז אוּנְטֶער אַ פָּארְמוּנְד אוּנְד אַ הוֹיזְהַאלְטֶער, בִּיז צוּ דֶער צֵייט וָואס דֶער פָאטֶער הָאט אוֹיסְגֶעזֶעצְט:

3 אַזוֹי אוֹיךְ, וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען קִינְדֶער, זֶענֶען מִיר גֶעוֶועזֶען קְנֶעכְט צוּ דִיא גְרוּנְדלִיכֶע אָנְפַאנְגֶען פוּן דֶער וֶועלְט:

4 אָבֶער וֶוען דִיא דֶערְפִילְטֶע צֵייט אִיז גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט גָאט גֶעשִׁיקְט זֵיין זוּהְן וָואס וַואר גֶעבּוֹירֶען פוּן אֵיינֶע פְרוֹיא, אוּנְד וַואר אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ:

5 כְּדֵי עֶר זָאל אוֹיסְלֵייזֶען דִיא וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ, אַז מִיר זָאלֶען אוֹיפְגֶענוּמֶען וֶוערֶען אַלְס קִינְדֶער:

6 אוּנְד ווייל אִיהְר זֶענְט קִינְדֶער הָאט גָאט גֶעשִׁיקְט דֶעם גֵייסְט פוּן זֵיין זוּהְן אִין אֵייעֶר הַארְץ אַרֵיין, וָואס שְׁרֵייט אַבָּא, פָאטֶער:

7 דָארוּם בִּיזְט דוּא נִיט מֶעהְר קֵיין קְנֶעכְט, נֵייעֶרְט אֵיין זוּהְן; אוּנְד דוּא בִּיזְט אוֹיךְ אֵיין יוֹרֵשׁ פוּן גָאט דוּרְךְ מָשִׁיחַ:

8 אוּנְד דֶענְסמָאלְט וֶוען אִיהְר הָאט גָאט נִיט גֶעקֶענְט, אַזוֹי הָאט אִיהְר גֶעדִינְט דִיא וָואס זֶענֶען נִיט קֵיין גֶעטֶער פוּן דֶער נַאטוּר:

9 אָבֶער אַצוּנְד וֶוען אִיהְר קֶענְט גָאט, אָדֶער בֶּעסֶער אִיהְר זֶענְט בֵּייא אִיהְם דֶערְקֶענְט, ווִיא אַזוֹי קֶעהְרְט אִיהְר ווִידֶער צוּרִיק צוּ דִיא שְׁוַואכֶע אוּנְד אָרֶעמֶע יְסוֹדוֹת וֶועלְכֶע אִיהְר ווִילְט ווִידֶער אַמָאל דִינֶען?

10 אִיהְר הַאלְט טֶעג, אוּנְד חֲדָשִׁים, אוּנְד צֵייטֶען אוּנְד יָאהְרֶען:

11 אִיךְ הָאבּ מוֹרָא וֶוענֶען אֵייךְ, כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט הָאבֶּען אוּמְזוּסְט גֶעאַרְבֵּייט צְווִישֶׁען אֵייךְ:

12 בְּרִידֶער, אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, זַייט אַזוֹי וִויא אִיךְ בִּין; וָוארִין אִיךְ בִּין אַזוֹי וִויא אִיהְר, אִיהְר הָאט מִיר גָאר קֵיין אוּמְרֶעכְט נִיט גֶעהוֹן:

13 אִיהְר וֵוייסְט אַז מִיט אַ שְׁוַואכֶען לֵייבּ הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ צוּם עֶרְשְׁטֶען דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם גֶעפְּרֶעדִיגְט:

14 אוּנְד מֵיין נִסָּיוֹן וָואס אִיךְ הָאבּ אִין מֵיין לֵייבּ הָאט אִיהְר נִיט פֶערְ־שֶׁעמְט אוּנְד נִיט פֶערְוָוארְפֶען, נֵייעֶרְט אִיהְר הָאט מִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען וִויא אֵיין מַלְאָךְ פוּן גָאט, וִויא יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:

15 וְואוּ אִיז דֶען דִיא בְּרָכָה פוּן וָועלְכֶע אִיהְר הָאט גֶערֶעט? וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ עֵדוּת, אַז וֶוען עֶס זָאל מֶעגְלִיךְ זֵיין הֶעט אִיהְר אֵיירֶע אוֹיגֶען אוֹיסְגֶע־רִיסֶען אוּנְד מִיר גֶעגֶעבֶּען:

16 בִּין אִיךְ דָארוּם אֵייעֶר פֵיינְד גֶע־וָוארֶען וֵוייל אִיךְ זָאג אֵייךְ דִיא וָוארְ־הַייט?

17 זֵייא זֶענֶען אֵייפְרִיג וֶועגֶען אֵייךְ, אָבֶּער נִיט רֶעכְט, נֵייעֶרְט זֵייא ווִילֶען אֵייךְ אוֹיסְשְׁלִיסֶען כְּדֵי אִיהְר זָאלְט וֶועגֶען זֵייא אֵייפְרִיג זֵיין:

18 אָבֶּער עֶס אִיז גוּט תָּמִיד אִין אַ גוּטֶע זַאךְ אֵייפְרִיג צוּ זֵיין, אוּנְד נִיט אַלֵיין וֶוען אִיךְ בִּין בֵּייא אֵייךְ:

19 מֵיינֶע קִינְדֶער, מִיט וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ ווִידֶער אַמָאל וֵוייטָאג, בִּיז מָשִׁיחַ וֶועט אִין אֵייךְ בֶּעשַׁאפֶען וֶוערֶען:

20 אִיךְ ווִינְשׁ בֵּייא אֵייךְ אַצוּנְד צוּ זֵיין, אוּנְד מֵיין קוֹל צוּ פֶערֶענְדֶערְן, וָוארִין אִיךְ בִּין גֶעקְוֶועלְט וֶועגֶען אֵייךְ:

21 אִיהְר, וָואס ווִילְט זֵיין אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ, זָאגְט מִיר, הֶערְט אִיהְר נִיט דָאס גֶעזֶעץ?

22 וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען דָאס אַבְרָהָם הָאט גֶעהַאט צְווֵייא זִיהְן, אֵיינֶעם פוּן דֶער דִינְסְטפְּרוֹי אוּנְד אֵיינֶעם פוּן דֶער פְרֵייעֶר פְרוֹיא:

23 אָבֶּער דֶער פוּן דֶער דִינְסְטפְּרוֹיא וַואר גֶעבּוֹירֶען וִויא נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, אוּנְד דֶער פוּן דֶער פְרֵייעֶר פְרוֹיא דוּרְךְ דֶער הַבְטָחָה:

24 אוּנְד דָאס אִיז אֵיין מָשָׁל, וָוארִין דָאס זֶענֶען דִיא צְווֵייא בְּרִיתוֹת; אֵיינֶע פוּן דֶעם בַּארְג סִינַי, וָואס גֶעווִינְט קִינְדֶער צוּם דִינְסְט, אוּנְד דָאס אִיז הָגָר:

25 וָוארִין הָגָר אִיז דֶער בַּארְג סִינַי אִין אַרַאבְּיָא, אוּנְד אִיז גְלֵייךְ צוּם יֶעצְטִיגֶען יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אִיז אִין דֶעם דִינְסְט מִיט אִיהְרֶע קִינְדֶער:

26 אָבֶּער יְרוּשָׁלַיִם וָואס אִיז אוֹיבֶּען אִיז פְרֵייא, אוּנְד דָאס אִיז דִיא מוּטֶער פוּן אוּנְס אַלֶע:

27 וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען זֵייא פְרֵיילִיךְ דוּא אוּמְטְרֶעכְטֶערִין וָואס טְהוּט נִיט גֶעווִינֶען, זִינְג אוּנְד שְׁרֵייא דוּא וָואס הָאסְט קֵיינֶע וֵוייטָאג נִיט, וָוארִין דִיא קִינְדֶער פוּן דֶער פֶערְווִיסְ־טֶער פְרוֹיא זֶענֶען מֶעהְר וִויא דִיא קִינְדֶער פוּן דֶער וָואס הָאט אֵיין מַאן:

28 אוּנְד מִיר בְּרִידֶער, זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דֶער הַבְטָחָה, אַזוֹי וִויא יִצְחָק:

29 אָבֶּער אַזוֹי וִויא דֶענְסְמָאלְט, דֶער וָואס וַואר גֶעבּוֹירֶען נָאךְ דֶעם גֵייסְט, אַזוֹי אִיז עֶס אוֹיךְ אַצוּנְד:

30 אָבֶּער וָואס זָאגְט דִיא שְׁרִיפְט? טְרֵייבּ אַרוֹיס דִיא דִינְסְט פְרוֹיא אוּנְד אִיהְר זוּהְן, וָוארִין דֶער זוּהְן פוּן דֶער דִינְסְט פְרוֹיא וֶועט נִיט יַרְשֶׁנֶ'ן מִיט

דעם זוהן פון דער פרייער פרויא:
31 אזוי ברידער, קענען מיר ניט דיא
קינדער פון דער דינסט פרויא גייערט
פון דיא פרייער:

## קאפיטעל ה

1 שטייט פעסט אין דער פרייהייט
מיט וועלכער משיח האט אונס בע־
פרייט, אונד געמט ניט ווידער אויף
אייך דאס יאך פון איין קנעכט:
2 זעהט, איך פאול זאג אייך, אז ווען
איהר וועט בעשניטען ווערען אזוי וועט
אייך משיח גאר ניט נוצען:
3 אונד איך בעצייג ווידער צו איטר־
ליכען וואס ווערט בעשניטען, אז ער
איז שולדיג דיא גאנצע תורה צו
האלטען:
4 איהר, וואס ווערט גערעכטפערר־
טיגט דורך דעם געזעץ זייט פערלוירען
פון משיח, אונד זייט אוועק געפאלען
פון דער גנאד:
5 ווארין מיר ווארטען אין דעם גייסט
אויף דער האפנונג פון גערעכטיגקייט
דורך דעם גלויבען:
6 ווארין אין ישוע המשיח איז דיא
בעשניידונג גאר ניט ווערט, אונד דיא
אונבעשניידונג (ערלה) אויך ניט, נייר
ערט דער גלויבען וואס ווירקט דורך
דער ליבשאפט:
7 איהר זענט גוט געלאפען, ווער
האט אייך געהינדערט אז איהר זאלט
דער וואהרהייט ניט געהארכען:
8 דיזע פערזיבערונג איז ניט פון
איהם וואס האט אייך בערופען:
9 אביסעל זויער טייג (חמץ) פערר־
זויערט דעם גאנצען טייג:
10 איך בין פערזיכערט אין דעם
האר וועגען אייך, אז איהר וועט ניט
אנדערש דענקען; אבער דער וואס
בעטריבט אייך וועט זיין משפט לייי־
דען, מעג ער זיין ווער ער וויל:
11 אונד איך, ברידער, ווען איך
טהוא נאך פרעדיגען דיא בעשניידונג,
ווארום ווער איך דען געיאגט? אזוי
האט דאס ערגערניס פון דעם קרייץ
אויפגעהערט:
12 הלואי וואלטען דיא וואס פער־
שטערען אייך פערשניטען ווערען:
13 ווארין איהר, ברידער, זענט בע־
רופען געוואהרען צו פרייהייט, אבער
גיבט גאר קיינע געלעגענהייט צום
פלייש דורך דער פרייהייט, גייערט
דינט איינער דעם אנדערן דורך ליב־
שאפט:
14 ווארין דאס גאנצע געזעץ איז
דערפילט אין דיזעם איינעם ווארט,
דוא זאלסט דיין געזעלען ליבען וויא
דיך זעלבסט:
15 אבער ווען איהר בייסט אונד
שלינגט איין איינער דעם אנדערען,
זעהט אז איהר זאלט ניט אונטער
אנאנדער פערצעהרט ווערען:
16 אבער איך זאג, וואנדעלט אין
דעם גייסט, אזוי וועט איהר ניט
דערפילען דאס גליסטען פון דעם
פלייש:
17 ווארין דאס פלייש גליסט קעגען
דעם גייסט, אונד דער גייסט קעגען
דעם פלייש; אונד דיזע זענען זיך
ווידער אנאנדער, דארום קענט איהר
ניט טהון וואס איהר ווילט:
18 אבער ווען איהר וועט געפיהרט
פון דעם גייסט אזוי זייט איהר ניט
אונטער דעם געזעץ:
19 אונד דיא ווערקע פון דעם פלייש

וָועגֶען בֶּעקֶענְט, וָואס וֶועגֶען אוּמְקֵיישׁוּנְג, זְנוּת, אוּמְרֵיינִיגְקֵייט, יֵצֶר הָרָע:

20 אָפְּגֶעטֶערֵייא, כִּישׁוּף, פֵיינְדשַׁאפְט, גֶעצַאנְק, קִנְאָה, צָארְן, גֶעקְרִיג, מַחְלוֹקֶת, כִּיתּוֹת:

21 הַאס, רְצִיחָה, זוֹיפֶען, פְרֶעסֶען אוּנְד דֶערְגְלַייכֶען. וָואס אִיךְ זָאג אֵייךְ פְרִיעֶר אַרוֹיס, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ אֵייךְ פַארְצַייטֶען גֶעזָאגְט, אַז דִיא וָואס טְהוּן זָאלְכֶע זַאכֶען וֶועלֶען נִיט עַרְבֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט:

22 אָבֶּער דִיא פְרוּכְט פוּן דֶעם גֵייסְט אִיז לִיבְּשַׁאפְט, פְרֵייד, פְרִידֶען, גֶעדוּלְד, פְרֵיינְדלִיכְקֵייט, גוּטְקֵייט, גְלוֹיבֶּען:

23 זַאנְפְטְמִיטִיגְקֵייט, קֵיישְׁהֵייט. קֶעגֶען זָאלְכֶע זַאכֶען אִיז קֵיין גֶעזֶעץ נִיט פַארְהַאנְדֶען:

24 אוּנְד דִיא וָואס גֶעהֶערֶען צוּ דֶעם מָשִׁיחַ, הָאבֶּען גֶעקְרֵייצִיגְט דָאס פְלֵיישׁ מִיט דֶעם בֶּעגֶערֶען אוּנְד גְלִיסְטֶען:

25 וֶוען מִיר לֶעבֶּען אִין דֶעם גֵייסְט, לָאזֶען מִיר אוֹיךְ וַואנְדְלֶען אִין דֶעם גֵייסְט:

26 לָאזֶען מִיר נִיט שְׁטָאלְץ זַיין, כְּדֵי מִיר זָאלֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן נִיט דֶערְצֶערְנֶען, אוּנְד אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן נִיט מְקַנֵּא זַיין:

## קאפיטעל ו

1 בְּרִידֶער, וֶוען אֵיין מֶענְשׁ וֶועט אִין אֵיין פֶעהְלֶער אַרֵיין פַאלֶען אַזוֹי זָאלְט אִיהְר גֵייסְטלִיכֶע אֵיין זָאלְכֶען צוּרֶעכְט שְׁטֶעלֶען מִיט אֵיין זַאנְפְטמִיטִיגֶען גֵייסְט, אוּנְד הִיט דִיךְ זֶעלְבְּסְט אַז דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ נִיט גֶעפְּרוּפְט וֶוערֶען:

2 טְרָאגְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אֵייעֶ לַאסְט, אוּנְד אַזוֹי וֶועט אִיהְר דֶערְ־פִילֶען דָאס גֶעזֶעץ פוּן מָשִׁיחַ:

3 וָוארִין וֶוען אֵיינֶער דֶענְקְט אַז עֶר אִיז עֶפֶּעס, וֶוען עֶר אִיז נָאר נִיט, אַזוֹי בֶּעטְרִיגְט עֶר זִיךְ זֶעלְבְּסְט:

4 אָבֶּער לָאז אִיטְלִיכֶער זַיין וֶוערְק פְּרוּפֶען, אוּנְד אַזוֹי וֶועט עֶר רוּהְם הָאבֶּען פַאר זִיךְ אַלֵיין אוּנְד נִיט פַאר אֵיין אַנְדֶערְן:

5 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וֶועט טְרָאגֶען זַיינֶע אֵייגֶענֶע לַאסְט:

6 דֶער וָואס וֶוערְט גֶעלֶעהְרְט אִין דֶעם וָוארְט, לָאז עֶר לֶעהְרֶען אִין אַלֶעם גוּטֶען צוּ דֶעם וָואס לֶעהְרְט אִיהְם:

7 זַייט נִיט פֶערְפִיהְרְט; גָאט קֶען נִיט אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט וֶוערֶען, וָוארִין וָואס אֵיינֶער זַייעֶט דָאס וֶועט עֶר אוֹיךְ שְׁנֵיידֶען:

8 וָוארִין דֶער וָואס זַייעֶט צוּ זַיין פְלֵיישׁ, אַזוֹי וֶועט עֶר פוּן דֶעם פְלֵיישׁ שְׁנֵיידֶען פֶערְדַארְבֶּענִיס; אָבֶּער דֶער וָואס זַייעֶט צוּ דֶעם גֵייסְט, וֶועט פוּן דֶעם גֵייסְט שְׁנֵיידֶען דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען:

9 אוּנְד לָאזֶען מִיר נִיט אוֹיפְהֶערֶע גוּטֶעס צוּ טְהוּן, וָוארִין צוּ דֶער רֶעכְ־טֶער צֵייט וֶועלֶען מִיר שְׁנֵיידֶען, וֶוען מִיר וֶועלֶען נִיט מִיד וֶוערֶען:

10 דָארוּם וֵוייל מִיר הָאבֶּען צֵייט לָאזֶען מִיר גוּטֶעס טְהוּן צוּ אַלֶע, אוּנְד בֶּעזוּנְדֶערְס צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען:

11 אִיהְר זֶעהְט וָואס פַאר אֵיין גְרוֹיס גֶעשְׁרִיפְט אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט מֵיינֶע אֵייגֶענֶע הַאנְד:

12 דִיא וָואס ווִילֶען אֵיין שֵׁיין פָּנִים מַאכֶען אִין דֶעם פְלֵיישׁ, דִיא צְווִינְגֶען אֵייךְ אִיהְר זָאלְט בֶּעשְׁנֵיטֶען וֶוערֶען;

אַז זֵייא זָאלֶען נִיט גֶעיָאגְט וֶוערֶען וֶועגֶען דֶעם קְרֵייץ פוּן מָשִׁיחַ:

13 וָוארִין דִיא וָואס זֶענֶען בֶּעשְׁנִיטֶען הַאלְטֶען זֶעלְבּסְט נִיט דָאס גֶעזֶעץ, נֵייעֶרְט זֵייא ווִילֶען הָאבֶּען אַז אִיהְר זָאלְט בֶּעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען זִיךְ רִיהְמֶען אִין אֵייעֶר פְלֵייש:

14 אָבֶּער אִיךְ ווִיל מִיךְ חָלִילָה נִיט רִיהְמֶען, חוּץ אִין דֶעם קְרֵייץ פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דוּרְךְ וֶועלְכֶען דִיא וֶועלְט אִיז צוּ מִיר גֶעקְרֵייצִיגְט, אוּנְד אִיךְ צוּ דִיא וֶועלְט:

15 וָוארִין אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג גָארנִיט וֶוערְט, אוּנְד דִיא אוּמְבֶּעשְׁנֵיידוּנְג (עָרְלָה) אוֹיךְ נִיט נֵייעֶרְט אַ נֵייעֶ בֶּעשֶׁעפֶּענִים:

16 אוּנְד דִיא וָואס וַואנְדֶעלֶען בֵּייא דִיזֶער רֶעגֶעל, אִיבֶּער דִיא זָאל זֵיין פְרִידֶען אוּנְד גְנָאד, אוּנְד אִיבֶּער דִיא יִשְׂרָאֵל פוּן גָאט:

17 פוּן אַצוּנְד אָן לָאז מִיךְ קֵיינֶער נִיט בֶּעמִיהֶען, וָוארִין אִיךְ טְרָאג דִיא צֵייכֶען פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ אִין מֵיין לֵייבּ:

18 בְּרִידֶער, דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זֵייא מִיט אֵייעֶר גֵייסְט, אָמֵן:

געשריבען פֿון רוים צו דיא גאלאטער.

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פוּלוּס צוּ דִיא עֶפֶּעזֶער

1 פּוּלוּס אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דוּרְךְ דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט, צוּ דִיא הֵיילִיגֶע וָואס זֶענֶען אִין עֶפֶּעזוּס, אוּנְד צוּ דִיא גְלֵייבִּיגֶע אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:

2 גְנָאד זֵייא מִיט אֵייךְ אוּנְד פְרִידֶען פוּן גָאט אוּנְזֶער פָאטֶער, אוּנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:

3 גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאט אוּנְד דֶער פָאטֶער פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, וָואס הָאט אוּנְס גֶעבֶּענְשְׁט מִיט אַלֶע גֵייסְטְלִיכֶע בְּרָכוֹת אִין הִימְלִישֶׁע זַאכֶען אִין דֶעם מָשִׁיחַ:

4 אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט אוּנְס אוֹיסְדֶערְוֶוויילְט אִין אִיהְם אֵיידֶער דִיא וֶועלְט וַואר גֶעגְרוּנְדֶעט, אַז מִיר זָאלֶען זֵיין הֵיילִיג אוּנְד אָהְן אֵיין פֶעהְלֶער פַאר אִיהְם אִין דֶער לִיבְּשַׁאפְט:

5 אוּנְד עֶר הָאט אוּנְס פְרִיר פַארְאָרְדֶענֶעט אַז מִיר זָאלֶען זֵיין זֵיינֶע קִינְדֶער דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אַזוֹי ווִיא עֶס אִיז אִין זֵיין גוּטֶען ווִילֶען וְואוֹילְגֶעפַאלֶען:

6 צוּם לוֹיבּ פוּן זֵיין הֶערְלִיכֶער גְנָאד, אִין וֶועלְכֶער עֶר הָאט אוּנְס גֶעלֵייטְזֶעלִיגְט אִין דֶעם גֶעלִיבְּטֶען:

7 אִין וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען אֵיינֶע דֶערְלֵייזוּנְג דוּרְךְ זֵיין בְּלוּט, דִיא פַארְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְדֶען, נָאךְ דֶעם רֵייכְטוּם פוּן זֵיינֶע גְנָאד:

8 אִין וֶועלְכֶער עֶר הָאט זִיךְ קֶעגֶען אוּנְס גֶעמֶעהְרְט אִין אַלֶער ווייזְהֵייט אוּנְד פַארשְׁטֶענְדִיגְקֵייט:

9 וֶוען עֶר הָאט אוּנְס צוּ ווִיסֶען גֶעטְהוּן דָאס גֶעהֵיימְנִיס פוּן זֵיין ווִילֶען נָאךְ זֵיין ווָאוילְגֶעפַאלֶען וָואס עֶר הָאט זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען:

10 צוּר אֵיינְרִיכְטוּנְג פוּן דֶער פַארְפִילְטֶער צֵייט, אַז עֶר זָאל אַלֶעס אִין אֵיינֶעם אֵיינְזַאמֶעלְן אִין מָשִׁיחַ, וָואס אִיז אִים הִימֶעל, אוּנְד וָואס אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד, אִין אִיהְם:

11 דוּרְךְ וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען דֶערְהַאלְטֶען אֵיינֶע עֶרְבְּשַׁאפְט, ווייל מִיר זֶענֶען פְרִיר פַארְאָרְדֶענֶעט גֶעוָוארֶען נָאךְ דֶעם פָארְנֶעמֶען פוּן אִיהְם וָואס ווִירְקְט אַלֶעס נָאךְ דֶער עֵצָה פוּן זֵיין ווִילֶען:

12 כְּדֵי מִיר וָואס הָאבֶּען פְרִיר גֶעהָאפְט אִין מָשִׁיחַ זָאלֶען זֵיין צוּם לוֹיבּ פוּן זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט:

13 אִין וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט אוֹיךְ גֶעהָאפְט, וֶוען אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט דָאס וָוארְט פוּן דֶער וָוארְהֵייט, דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם פוּן אֵייעֶרֶע זֶעלִיגְקֵייט, אוּנְד וֶוען אִיהְר הָאט גֶעגְלֵייבְּט, אַזוֹי זֶענְט אִיהְר אוֹיךְ אִין אִיהְם פַארְזִיגֶעלְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ פוּן דֶער הַבְטָחָה:

14 וָואס אִיז דָאס עֲרָבוֹת פוּן אוּנְזֶער עֶרְבְּשַׁאפְט בִּיז צוּ דֶער גֶעקוֹיפְטֶען דֶערְלֵייזוּנְג, צוּם לוֹיבּ פוּן זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט:

15 דְרוּם ווייל אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען אִין דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, אוּנְד אֵייעֶרֶע לִיבְּשַׁאפְט צוּ אַלֶע הֵיילִיגֶען:

16 אַזוֹי הֶער אִיךְ נִיט אוֹיף גָאט צוּ דַאנְקֶען וֶועגֶען אֵייךְ, אוּנְד אִיךְ גֶעדֶענְק אֵייךְ אִין מֵיין גֶעבֶּעט:

17 אַז דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דֶער פָאטֶער פוּן הֶערְלִיכְקֵייט, זָאל אֵייךְ גֶעבֶּען דֶעם גֵייסְט פוּן ווייזְהֵייט אוּנְד פוּן אַנְטְפְּלֶעקֶען, אִיהְר זָאלְט אִיהְם דֶערְקֶענֶען:

18 אַז דִיא אוֹיגֶען פוּן אֵייעֶר פֶערְשְׁטַאנְד זָאלֶען דֶערְלֵייכְט וֶוערֶען, אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען וָואס אִיז דִיא הָאפְנוּנְג פוּן זֵיין בֶּערוּפֶען, אוּנְד וָואס אִיז דֶער רֵייכְטוּם פוּן זֵיינֶע הֶערְלִיכֶע עֶרְבְּשַׁאפְט צוּ דִיא הֵיילִיגֶען:

19 אוּנְד וִויא זֶעהְר גְרוֹיס זֵיינֶע מַאכְט אִיז קֶעגֶען אוּנְס וָואס גְלֵייבֶּען, נָאךְ דֶעם ווִירְקֶען פוּן זֵיינֶע מֶעכְטִיגֶע קְרַאפְט:

20 וָואס עֶר הָאט גֶעווִירְקְט אִין מָשִׁיחַ, וֶוען עֶר הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן טוֹיט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעזֶעצְט צוּ זֵיינֶע רֶעכְטֶער הַאנְד אִים הִימֶעל:

21 אִיבֶּער אַלֶע רֶעגִירוּנְג, אוּנְד גֶעוועלְטִיגְקֵייט, אוּנְד מַאכְט אוּנְד הֶערְשַׁאפְט, אוּנְד אִיטְלִיכֶען נָאמֶען וָואס ווערְט גֶערוּפֶען נִיט אַלֵיין אִין דִיזֶער וֶועלְט, נֵייעֶרְט אוֹיךְ אִין דֶער אַנְדֶערְן:

22 אוּנְד עֶר הָאט אַלֶעס גֶעזֶעצְט אוּנְטֶער זֵיינֶע פִיס, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט צוּם הוֹיפְּט אִיבֶּער אַלֶעס אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע:

23 וָואס אִיז זַיין לֵייבּ, דִיא דֶערְ־פִילוּנְג פוּן אִיהְם וָואס דֶערְפִילְט אַלֶעס אִין אַלֶעם:

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד אֵייךְ הָאט עֶר לֶעבֶּעדִיג גֶעמַאכְט, וָואס אִיהְר זֶענְט טוֹיט גֶעוֶועזֶען אִין פַארבְּרֶעכֶען אוּנְד אִין זִינְדֶען:

2 אִין וֶועלְכֶען אִיהְר פְלֶעגְט צוּ וַואנְדֶעלְן נָאךְ דֶעם סֵדֶר פוּן דִיזֶער וֶועלְט, נָאךְ דֶעם שַׂר וָואס גֶעוֶועלְטִיגְט אִין דֶער לוּפְט, דֶער גֵייסְט וָואס ווירְקְט אַצוּנְד אִין דִיא וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע קִינְדֶער:

3 מִיט וֶועלְכֶע מִיר פְלֶעגֶען אוֹיךְ אַלֶע צוּ וַואנְדְלֶען אִין דֶעם גְלִיסְטֶען פוּן אוּנְזֶער פְלֵיישׁ, אוּנְד הָאבֶּען גֶע־טְהוּן דֶעם ווִילֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ אוּנְד פוּן דֶעם פַארשְׁטַאנְד; אוּנְד מִיר זֶענֶען פוּן דֶער נַאטוּר גֶעוֶועזֶען קִינְדֶער פוּן צָארְן אַזוֹי וִויא אַנְדֶערֶע:

4 אָבֶּער גָאט וָואס אִיז רֵייךְ אִין בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט, דוּרְךְ דֶער גְרוֹיסֶער לִיבְּשַׁאפְט מִיט וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוּנְס גֶעלִיבְּט:

5 הָאט עֶר אוּנְס לֶעבֶּעדִיג גֶעמַאכְט מִיט מָשִׁיחַ וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען טוֹיט אִין זִינְדֶען. (אוֹיס גְנָאד זֶענְט אִיהְר גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען):

6 אוּנְד עֶר הָאט אוּנְס צוּזַאמֶען אוֹיפְגֶעוֶועקְט, אוּנְד הָאט אוּנְס צוּזַאמֶען אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אִין דִיא הִימְלִישֶׁע עָרְטֶער אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:

7 כְּדֵי עֶר זָאל בֶּעווַייזֶען אִין דִיא צֵייטֶען וָואס וֶועלֶען קוּמֶען דֶעם גְרוֹיסֶען רֵייכְטְהוּם פוּן זַיינֶע גְנָאד, דוּרְךְ זַיינֶע גוּטִיגְקֵייט צוּ אוּנְס אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:

8 וָוארִין אוֹיס גְנָאד זֶענְט אִיהְר גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם גְלוֹי־בֶּען, אוּנְד דָאס אִיז נִיט פוּן אֵייךְ זֶעלְבְּסְט; עֶס אִיז דִיא גָאבּ פוּן גָאט:

9 נִיט פוּן וֶוערְקֶען, כְּדֵי קֵיינֶער זָאל זִיךְ נִיט בְּרִיהְמֶען:

10 וָוארִין מִיר זֶענֶען זַיין וֶוערְק, בֶּעשַׁאפֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ צוּ גוּטֶע מַעֲשִׂים, וָואס גָאט הָאט פְרִיהֶער פַארְ־אָרְדֶענֶעט אַז מִיר זָאלֶען דְרִינֶען וַואנְדְלֶען:

11 דְרוּם גֶעדֶענְקְט, אַז אִיהְר וָואס זֶענְט פְרִיהֶער גֶעוֶועזֶען גוֹיִם אִין דֶעם פְלֵיישׁ, אוּנְד זֶענְט גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען עֲרֵלִים בֵּייא דִיא וָואס הֵייסֶען דִיא בֶּעשְׁנִיטֶענֶע אִין דֶעם פְלֵיישׁ, וָואס אִיז מִיט דֶער הַאנְד גֶעשֶׁעהֶען:

12 אַז אִהְר זֶענְט אִין דִיזֶער צֵייט גֶעוֶועזֶען אָהְן מָשִׁיחַ, פְרֶעמְד צוּ דֶער בִּירְגֶערְשַׁאפְט פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד גֵרִים צוּ דֶעם בְּרִית פוּן דֶער הַבְטָחָה, אוּנְד אִיהְר הָאט קֵיינֶע הָאפֶענוּנְג נִיט גֶע־הַאט, אוּנְד זֶענְט גֶעוֶועזֶען אָהְן גָאט אִין דֶער וֶועלְט:

13 אָבֶּער אַצוּנְד אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אִיהְר, וָואס זֶענְט פְרִיעֶער וַוייט גֶעוֶועזֶען, זֶענְט נָאהְנְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט פוּן מָשִׁיחַ:

14 וָוארִין עֶר אִיז אוּנְזֶער פְרִידֶען, וָואס הָאט אוֹיס בֵּיידֶע אֵיינְס גֶע־מַאכְט, אוּנְד הָאט אֵיינְגֶעוָוארְפֶען דִיא מוֹיעֶר פוּן צְווִישֶׁענְשֵׁייד:

15 אוּנְד עֶר הָאט דוּרְךְ זַיין פְלֵיישׁ פַארשְׁטֶערְט דִיא פֵיינְדְשַׁאפְט אוּנְד דִיא תּוֹרָה וָואס אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען אִין מִצְוֹת אוּנְד גֶעזֶעץ, כְּדֵי עֶר זָאל מַאכֶען אוֹיס

צְווייא אֵיין גֵייעֶם מֶענְשׁ אִין זִיךְ
זָעלְבּסְט, אוּנְד זָאל מַאכֶען פְרִידֶען:
16 אוּנְד זָאל בֵּיידֶע פֶערְאֵיינִיגֶען מִיט
גָאט אִין אֵיין לֵייבּ דוּרְךְ דֶעם קְרֵייץ,
ווייל עֶר הָאט דַאדוּרְךְ דִיא פֵיינְד־
שַׁאפְט אוּמְגֶעבְּרַאכְט:
17 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט
גֶעפְּרֶעדִיגְט פְרִידֶען צוּ אֵייךְ וָואס זֶענְט
ווייט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד צוּ דִיא וָואס
זֶענֶען נָאהֶנט גֶעוֶועזֶען:
18 וָוארִין דוּרְךְ אִיהְם הָאבֶּען מִיר
בֵּיידֶע אֵיין צוּטְרִיט צוּם פָאטֶער אִין
אֵיינֶעם גֵייסְט:
19 דְרוּם זֶענְט אִיהְר נִיט מֶעהְר
פְּרֶעמְדֶע אוּנְד גֵרִים, גֵייעֶרְט שְׁטָאט־
לַייט מִיט דִיא הֵיילִיגֶען, אוּנְד פוּן דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן גָאט:
20 אוּנְד אִיהְר זֶענְט גֶעבּוֹיעֶט אוֹיף
דֶעם גְרוּנְד פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעלְן אוּנְד
נְבִיאִים, אוּנְד יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זָעלְבּסְט
אִיז דֶער עֶקשְׁטֵיין:
21 דוּרְךְ וֶועלְכֶען דָאס גַאנְצֶע גֶעבֵּייד
אִיז צוּזַאמֶען גֶעהֶעפְט אוּנְד וַואקְסט
אוֹיף אֵיין הֵיילִיגֶער טֶעמְפֶּעל אִין דֶעם
הַאר:
22 אוּנְד אִין אִיהְם זֶענְט אִיהְר אוֹיךְ
צוּזַאמֶען גֶעבּוֹיעֶט פַאר אֵיין מִשְׁכָּן פוּן
גָאט דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט:

## קאפיטעל ג

1 דְרוּם אִיךְ פּוֹלוּס, דֶער גֶעפַאנְגֶע־
נֶער פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ פַאר אֵייךְ
גוֹיִם:
2 (אוֹיבּ אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט פוּן דֶעם
דִינְסט פוּן גָאטְס גְנָאד וָואס אִיז מִיר
גֶעגֶעבֶּען צוּ אֵייךְ):
3 וִויא עֶר הָאט מִיר אַנְטפְּלֶעקְט אוּנְד
צוּ ווִיסֶען גֶעטְהוּן דָאס גֶעהֵיימְנִים; אַזוֹי
וִויא אִיךְ הָאבּ פְרִיעֶר גֶעשְׁרִיבֶּען אִין
קוּרְצֶען:
4 וָואס, וֶוען אִיהְר וֶועט לֵיינֶען אַזוֹי
וֶועט אִיהְר דֶערְקֶענֶען מֵיין פַארְשְׁטַאנְד אִין
דֶעם גֶעהֵיימְנִים פוּן מָשִׁיחַ:
5 וָואס וַואר אִין פְרִירִיגֶע צֵייטֶען נִיט
צוּ ווִיסֶען גֶעטְהוּן צוּ דִיא מֶענְשֶׁען,
וִויא עֶס אִיז אַצוּנְד אַנְטפְּלֶעקְט צוּ
זֵיינֶע הֵיילִיגֶע אַפָּאסְטֶעלְן אוּנְד צוּ דִיא
נְבִיאִים דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט:
6 אַז דִיא גוֹיִם זָאלֶען הָאבֶּען אֵיין
חֵלֶק יְרוּשָׁה, אוּנְד זָאלֶען קֶערֶען צוּ
דֶעם זָעלְבִּיגֶען לֵייבּ, אוּנְד זָאלֶען אֵיין
טֵייל הָאבֶּען אִין זֵיינֶע הַבְטָחָה אִין
מָשִׁיחַ דוּרְךְ דֶעם עֶוַואנְגֶעלְיוּם:
7 וָואס אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען אֵיין דִינֶער
דֶערְפוּן, נָאךְ דֶער פְרֵייעֶר גָאבּ פוּן
גָאט וָואס אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען נָאךְ זֵיינֶע
מֶעכְטִיגֶע קְרַאפְט:
8 צוּ מִיר, דֶעם קְלֵיינְסטֶען פוּן אַלֶע
הֵיילִיגֶע אִיז דִיזֶע גְנָאד גֶעגֶעבֶּען, אַז
אִיךְ זָאל פְּרֶעדִיגֶען צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם
דֶען רֵייכְטוּם פוּן מָשִׁיחַ וָואס אִיז נִיט
צוּ דֶערְפָארְשֶׁען:
9 אוּנְד צוּ בֶּעווֵייזֶען צוּ אַלֶע דִיא
גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֶעם גֶעהֵיימֶענִים וָואס
וַואר פוּן אֵייבִּיג אָן פַארְהוֹילֶען אִין
גָאט, וָואס הָאט אַלֶעם בֶּעשַׁאפֶען דוּרְךְ
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
10 אַז דִיא פִיל פֶעלְטִיגֶע ווייזְהֵייט
פוּן גָאט זָאל אַצוּנְד בֶּעקַאנְט זֵיין צוּ
אַלֶע הֶערשַׁאפְטֶען אוּנְד מַאכְטֶען אִין
דֶעם הִימֶעל דוּרְךְ דֶער גֶעמֵיינְדֶע:
11 נָאךְ דֶער אֵייבִּיגֶער גְזֵרָה וָואס עֶר
הָאט גוֹזֵר גֶעוֶועזֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ
אוּנְזֶער הַאר:
12 אִין וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען אֵיין

בְּטָחוֹן אוּנְד צוּטְרִיט מִיט פַארְזִיכֶערוּנְג, דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אָן אִיהְם:

13 דְרוּם בֶּעט אִיךְ אַז אִיהְר זָאלְט נִיט בֶּעטְרִיבְּט זַיין אִיבֶּער מֵיינֶע לֵיידֶען פַאר אֵייךְ, וָואס אִיז אֵייךְ אֵיין כָּבוֹד:

14 דָארוּם בֵּייג אִיךְ מֵיינֶע קְנִיעֶן צוּם פָאטֶער פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ מָשִׁיחַ:

15 וָואס אַלֶע מִשְׁפָּחוֹת אִין הִימֶעל אוּנְד אוֹיף דֶער עֶרְד וֶוערֶען אָן אִיהְם אָנְגֶערוּפֶען:

16 אַז עֶר זָאל אֵייךְ גֶעבֶּען נָאךְ דֶעם רַייכְטוּם פוּן זַיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט, אִיהְר זָאלְט גֶעשְׁטַארְקְט וֶוערֶען מִיט קְרַאפְט אִין אֵייעֶר הַארְץ דוּרְךְ זַיין גֵייסְט:

17 אַז מָשִׁיחַ זָאל וְואוֹינֶען אִין אֵייעֶר הַארְץ דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זַיין אַיינְגֶעוָוארְצֶעלְט אוּנְד גֶעגְרוּנְדֶעט אִין דֶער לִיבְּשַׁאפְט:

18 דָאס אִיהְר זָאלְט קֶענֶען פַארשְׁטֵיין מִיט אַלֶע הֵיילִיגֶע וָואס אִיז דִיא בְּרֵייט, אוּנְד דִיא לֶענְג אוּנְד דִיא טִיפֶענִס אוּנְד דִיא הֵייךְ:

19 אוּנְד אִיהְר זָאלְט דֶערְקֶענֶען דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן מָשִׁיחַ וָואס אִיז אִיבֶּער אַלֶער וִויסֶענְשַׁאפְט, אַז אִיהְר זָאלְט דֶערְפִילְט וֶוערֶען מִיט אַלֶע דֶערְפִילֶענֶעס פוּן גָאט:

20 אוּנְד צוּ אִיהְם וָואס קֶען פִיל מֶעהְר טְהוּן אִיבֶּער אַלֶעס וָואס מִיר בֶּעטֶען אָדֶער דֶענְקֶען, נָאךְ דֶער מַאכְט וָואס וֶוערְקְט אִין אוּנְס:

21 צוּ אִיהְם אִיז דִיא הֶערְלִיכְקֵייט אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִין אַלֶע צֵייטֶען, פוּן אֵייבִּיגְקֵייט צוּ אֵייבִּיגְקֵייט, אָמֵן:

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד אִיךְ, דֶער גֶעפַאנְגֶענֶער אִין דֶעם הַאר, בֶּעט אֵייךְ, אַז אִיהְר זָאלְט וַואנְדְלֶען וִויא עֶס גֶעבִּירְט זִיךְ דֶער בֶּערוּפוּנְג מִיט וֶועלְכֶע אִיהְר זֶענְט בֶּערוּפֶען גֶעוָוארֶען:

2 מִיט אַלֶער נִידֶערִיגְקֵייט אוּנְד זַאנְפְטְמוּטִיגְקֵייט, אוּנְד מִיט גֶעדוּלְד, אוּנְד פַארְטְרָאגְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן אִין לִיבְּשַׁאפְט:

3 אוּנְד פְלֵייסִיגְט אֵייךְ צוּ הַאלְטֶען דִיא אֵיינִיגְקֵייט פוּן דֶעם גֵייסְט דוּרְךְ דֶעם בַּאנְד פוּן פְרִידֶען:

4 עֶס אִיז אֵיין לֵייבּ אוּנְד אֵיין גֵייסְט, אַזוֹי וִויא אִיהְר זֶענְט בֶּערוּפֶען אִין אֵיינֶער הָאפְנוּנְג פוּן אֵייעֶרֶע בֶּערוּפוּנְג:

5 עֶס אִיז אֵיין הַאר, אֵיין גְלוֹיבֶּען, אֵיינֶע טוֹיפֶע:

6 אֵיין גָאט אוּנְד פָאטֶער פוּן אַלֶע, וָואס אִיז אִיבֶּער אַלֶע אוּנְד דוּרְךְ אַלֶע אוּנְד אִין אֵייךְ אַלֶע:

7 אָבֶּער צוּ אִיטְלִיכֶען פוּן אוּנְס אִיז גֶעגֶעבֶּען גְנָאד נָאךְ דֶעם מָאס פוּן דֶער גָאבּ פוּן מָשִׁיחַ:

8 דְרוּם זָאגְט עֶר, עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער הֵייךְ, עֶר הָאט גֶעפַאנְגֶען אֵיין גֶעפֶענְקְנִיס, אוּנְד הָאט גֶעגֶעבֶּען מַתָּנוֹת צוּ דִיא מֶענְשֶׁען:

9 אוּנְד וָואס אִיז דָאס אַרוֹיפְגֵיין, אוֹיסְגֶענוּמֶען דָאס עֶר אִיז פְרִיעֶר אַרוּפְּגֶעקוּמֶען צוּם אוּנְטֶערְשְׁטֶען טֵייל פוּן דֶער עֶרְד:

10 דֶער וָואס אִיז אַרוּפְגֶעקוּמֶען אִיז דֶער זֶעלְבִּיגֶער וָואס אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער אַלֶע הִימְלֶען, אַז עֶר זָאל אַלֶעס דֶערְפִילֶען:

11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָעצְט עֶטְלִיכֶע פַאר אַפָּאסְטֶעלְס, אוּנְד עֶטְלִיכֶע פַאר עֶוַואנְגֶעלִיסְטֶען, אוּנְד עֶטְלִיכֶע פַאר פַּאסְטָארְס אוּנְד לֶעהְרֶערְס:

12 כְּדֵי צוּ פַארְפֶערְטִיגֶען דִיא הֵיילִיגֶע צוּם װֶערְק פוּן דֶעם דִינְסְט, אוּנְד צוּ בֶּעסֶערְן דֶעם לֵייבּ פוּן מָשִׁיחַ:
13 בִּיז מִיר װֶעלֶען אַלֶע קוּמֶען אִין אֵיינֶעם גְלוֹיבֶּען אוּנְד װִיסֶענְשַׁאפְט פוּן דֶעם זוּהְן פוּן גָאט, צוּ אֵיין גַאנְצֶען מֶענְשׁ, צוּ דֶעם פוּלֶען מָאס פוּן דֶער הֵייךְ פוּן מָשִׁיחַ:
14 אַז מִיר זָאלֶען נִיט מֶעהְר זַיין קֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד זָאלֶען נִיט בֶּעװֶעגְט װֶערֶען, אוּנְד אַרוּם גֶעטְרָאגֶען װֶערֶען בַּייא אִיטְלִיכֶען װִינְד פוּן לֶערְנוּנְג, דוּרְךְ דֶער לִיסְט אוּנְד פַאלְשְׁהַייט פוּן מֶענְשֶׁען װָאס לוֹיעֶרְן כְּדֵי אוּנְס צוּ פַארְפִירֶען:
15 נֵייעֶרְט מִיר זָאלֶען רֶעדֶען דִיא װָאהְרְהֵייט אִין לִיבְּשַׁאפְט, אוּנְד זָאלֶען אִין אַלֶעם אוֹיפְװַאקְסֶען צוּ אִיהְם װָאס אִיז דָאס הוֹיפְּט, דָאס אִיז מָשִׁיחַ:
16 פוּן װֶעלְכֶען דֶער גַאנְצֶער לֵייבּ אִיז צוּזַאמֶען גֶעזֶעצְט אוּנְד שְׁטַארְק פַארְבּוּנְדֶען דוּרְךְ דֶער הִילְף פוּן אִיטְלִיכֶען גְלִיד, נָאךְ דֶעם װֶערְקֶען פוּן אִיטְלִיכֶען טֵייל אִין זַיין מָאס, אוּנְד מַאכְט דֶעם לֵייבּ װַאקְסֶען אוּנְד זִיךְ זֶעלְבְּסְט פַארְבֶּעסֶערֶען אִין דֶער לִיבְּשַׁאפְט:
17 דְרוּם זָאג אִיךְ דָאס אוּנְד בֶּעצֵייג אִין דֶעם הַאר, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט מֶעהְר װַאנְדְלֶען אַזוֹי װִיא דִיא אַנְדֶערֶע גוֹיִם װַאנְדְלֶען, אִין דִיא נַארִישְׁקֵייט פוּן זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען:
18 װָאס זֵייעֶר פַארְשְׁטַאנְד אִיז פַארְפִינְסְטֶערְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען פַארְפְרֶעמְדֶעט פוּן דֶעם לֶעבֶּען פוּן גָאט דוּרְךְ דֶער אוּנְװִיסֶענְהֵייט װָאס אִיז אִין זֵייא, דוּרְךְ דֶער בְּלִינְדְהֵייט פוּן זֵייעֶר הַארְץ:
19 װָאס הָאבֶּען זִיךְ אָהְן בּוּשָׁה אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם יֵצֶר הָרָע, זֵייא זָאלֶען װֶערְקֶען אַלֶע אוּנְרֵיינִיגְקֵייט מִיט גְלוּסְטִיגְקֵייט:
20 אָבֶּער אִיהְר הָאט אַזוֹי נִיט מָשִׁיחַ גֶעלֶערְנְט:
21 אוֹיב אִיהְר הָאט אִיהְם גֶעהֶערְט אוּנְד זֶענְט אִין אִיהְם גֶעלֶעהְרְט גֶעװָארֶען, װִיא דִיא װָאהְרְהֵייט אִיז אִין יֵשׁוּעַ:
22 אַז אִיהְר זָאלְט אוֹיסְטְהוּן נָאךְ דֶעם פְרִיהֶערְגֶען װַאנְדְלֶען דֶעם אַלְטֶען מֶענְשׁ, װָאס אִיז פַארְדָארְבֶּען דוּרְךְ דִיא פַאלְשֶׁע גְלִיסְטֶען:
23 אוּנְד זָאלְט דֶערְנֵייעֶרְט װֶערֶען אִין דֶעם גֵייסְט פוּן אֵייעֶר פַארְשְׁטַאנְד:
24 אוּנְד זָאלְט אָנְטְהוּן דֶעם נֵייעֶם מֶענְשׁ, װָאס אִיז בֶּעשַׁאפֶען נָאךְ דֶעם בִּילְד פוּן גָאט אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד אִין װָאהֶרֶער הֵיילִיגְקֵייט:
25 דְרוּם לֵייגְט אַװֶעק לִיגֶען, אוּנְד שְׁפְּרֶעכְט דִיא װָארְהֵייט אִיטְלִיכֶער מִיט זַיין חָבֵר, װָארִין מִיר זֶענֶען דִיא גְלִידֶער אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערְן:
26 דֶערְצֶערְנְט אֵייךְ, אוּנְד זִינְדִיגְט נִיט, לָאזְט נִיט דִיא זוּן אוּנְטֶערְגֵיין אִיבֶּער אֵייעֶר צָארְן:
27 אוּנְד גִיבְּט נִיט נָאךְ דֶעם שָׂטָן:
28 דֶער װָאס הָאט גֶעגַנְבְ'ט, לָאז עֶר נִיט מֶעהְר גַנְבְ'נֶען, נֵייעֶרְט לָאז עֶר אַרְבֵּייטֶען אוּנְד גוּטֶעס טְהוּן מִיט זַיינֶע הֶענְד, כְּדֵי עֶר זָאל הָאבֶּען צוּ גֶעבֶּען צוּ דֶעם בֶּעדֶערְפְטִיגֶען:
29 לָאז קֵיינֶע בֵּייזֶע רֵייד נִיט אַרוֹיס פוּן אֵייעֶר מוֹיל, נֵייעֶרְט װָאס אִיז גוּט צוּ דֶעם נִיצְלִיכֶען פַארְבֶּעסֶערֶען, אַז



עס

עֶס זָאל זַיין לַייטְזֶעלִיג צוּ דִיא וָואס הֶערֶען עֶס׃

30 אוּנְד בֶּעטְרִיבְּט נִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ פוּן גָאט, דוּרְךְ וֶועלְכֶען אִיהְר זֶענְט פֶערְזִיגֶעלְט גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם טָאג פוּן דֶער דֶערְלֵייזוּנְג׃

31 טְהוּט אָפּ פוּן אֵייךְ אַלֶערְלֵייא בִּיטֶערְקֵייט, אוּנְד גְרִים, אוּנְד צָארְן, אוּנְד גֶעשְׁרֵייא, אוּנְד לֶעסְטֶערוּנְג, מִיט אַלֶער בֵּייזְהֵייט׃

32 אוּנְד זַייט פְרֵיינְדלִיךְ אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד בַּארְמְהֶערְצִיג, אוּנְד פַארְגִיבְּט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט אֵייךְ פַארְגֶעבֶּען אִין מָשִׁיחַ׃

## קאפיטעל ה

1 דְרוּם פָאלְגְט נָאךְ גָאט וִויא גֶע־לִיבְּטֶע קִינְדֶער׃

2 אוּנְד וַואנְדֶעלְט אִין דֶער לִיבְּשַׁאפְט, אַזוֹי וִויא מָשִׁיחַ הָאט אוּנְס אוֹיךְ גֶעלִיבְּט, אוּנְד הָאט זִיךְ פַאר אוּנְס גֶעגֶעבֶּען אֵיין קָרְבָּן אוּנְד אֵיין זֶבַח צוּ גָאט פַאר אֵיין וְואויל גֶעשְׁמַאק׃

3 אָבֶּער זְנוּת, אוּנְד אַלֶע הוּרֶערֵייא, אוּנְרֵיינִיגְקֵייט אוּנְד גֵייצִיגְקֵייט לָאז עֶס נִיט דֶערְהֶערְט וֶוערֶען צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אַזוֹי וִויא עֶס פַּאסְט צוּ דִיא הֵיילִיגֶע׃

4 אוּנְד אוֹיךְ נִיט קֵיינֶע שֶׁענְדלִיכֶע זַאכֶען אוּנְד נַארִישֶׁע רֵייד אוּנְד גֶע־לֶעכְטֶער וָואס אִיז נִיט אַנְשְׁטֶענְדִיג, גֵייעֶרְט טְהוּט בֶּעסֶער גָאט לוֹיבֶּען׃

5 וָוארִין דָאס וֵוייסְט אִיהְר, אַז קֵיין הוּרֶענְטְרֵייבֶּער, אוּנְד קֵיין אוּנְרֵיינֶער, אוּנְד קֵיין גֵייצִיגֶער, וָואס אִיז אֵיין דִינֶער פוּן אָפְּגֶעטֶער, הָאט נִיט קֵיינֶע עֶרְבְשַׁאפְט אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן מָשִׁיחַ אוּנְד פוּן גָאט׃

6 לָאז אֵייךְ קֵיינֶער נִיט פַארְפִירֶען מִיט פַאלְשֶׁע רֵייד, וָוארִין דוּרְךְ דִיזֶען קוּמְט דֶער צָארְן פוּן גָאט אִיבֶּער דִיא וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע קִינְדֶער׃

7 דְרוּם זַייט אִיהְר נִיט זֵייעֶרֶע חַבֵרִים׃

8 וָוארִין אִיהְר זֶענְט פְרִיהֶער גֶע־וֶועזֶען פִינְסְטֶערְנִיס, אָבֶּער אַצוּנְד זֶענְט אִיהְר לִיכְט אִין דֶעם הַאר, וַואנְדֶעלְט וִויא דִיא קִינְדֶער פוּן לִיכְט׃

9 (וָוארִין דִיא פְרוּכְט פוּן דֶעם גֵייסְט אִיז אִין אַלֶער גוּטִיגְקֵייט אוּנְד גֶע־רֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד וָוארְהֵייט)׃

10 פְּרוּפְט וָואס אִיז וְואויל גֶעפַאלֶען צוּם הַאר׃

11 אוּנְד הָאט נִיט קֵיין טֵייל אִין דִיא וֶוערְקֶען פוּן פִינְסְטֶערְנִיס וָואס זֶענֶען אָהְן פְרוּכְט, גֵייעֶרְט שְׁטְרָאפְט זֵייא בֶּעסֶער׃

12 וָוארִין עֶס אִיז אֵיינֶע שַׁאנְד צוּ רֶעדֶען פוּן דִיא זַאכֶען וָואס זֵייא טְהוּן אִין פַארְבָּארְגֶענֶעם׃

13 אָבֶּער אַלֶעס וָואס וֶוערְט גֶע־שְׁטְרָאפְט וֶוערְט אַנְטְפְּלֶעקְט בֵּייא דֶעם לִיכְט, וָוארִין אַלֶעס וָואס אִיז אַנְט־פְּלֶעקְט אִיז לִיכְט׃

14 דְרוּם זָאגְט עֶר, דֶערְוֶועק דִיךְ דוּא וָואס טְהוּסְט שְׁלָאפֶען, אוּנְד שְׁטֵייא אוֹיף פוּן דֶעם טוֹיט, אוּנְד מָשִׁיחַ וֶועט דִיךְ דֶערְלֵייכְטֶען׃

15 דְרוּם זֶעהְט אַז אִיהְר זָאלְט פָארְ־זִיכְטִיג וַואנְדֶעלְן; נִיט וִויא נַארֶען, גֵייעֶרְט וִויא קְלוּגֶע לֵייט׃

16 קוֹיפְט אָפּ דִיא צֵייט, וָוארִין דִיא טֶעג זֶענֶען בֵּייז׃

17 דְרוּם זַייט נִיט קֵיינֶע נַארֶען, גֵייעֶרְט פַארְשְׁטֵייט וָואס אִיז דֶער ווִילֶען פוּן גָאט׃

18 אוּנְד זַייט נִיט שִׁיכּוֹר מִיט וַויין, וָואס אִיז פַארבְּרֶענְגֶערַייא, נֵייעֶרְט זַייט דֶערְפִילְט מִיט דֶעם גֵייסְט:

19 אוּנְד שְׁפְּרֶעכְט צְווִישֶׁען אֵייךְ מִזְמוֹרִים אוּנְד לוֹיבֶּען אוּנְד גֵייסְטלִיכֶע לִידֶער, אוּנְד זִינְגְט אוּנְד שְׁפִּילְט, אִין אֵייעֶר הַארְץ צוּם הַאר:

20 אוּנְד דַאנְקְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג פִיר אַלֶעם גָאט, אוּנְד דֶעם פָאטֶער אִין דֶעם נָאמֶען פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:

21 זַייט אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן אוּנְטֶערְ־טֶענִיג אִין דֶער פָארְכְט פוּן גָאט:

22 וַוייבֶּער, זַייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ אֵייעֶרֶע מֶענֶער, וִויא צוּם הַאר:

23 וָוארִין דֶער מַאן אִיז דָאס הוֹיפְּט פוּן דֶעם וַוייבּ, אַזוֹי וִויא מָשִׁיחַ אִיז דָאס הוֹיפְּט פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע, אוּנְד עֶר אִיז דֶער הֶעלְפֶער פוּן דֶעם לֵייבּ:

24 דְרוּם אַזוֹי וִויא דִיא גֶעמֵיינְדֶע אִיז אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ מָשִׁיחַ, אַזוֹי לָאזֶען אוֹיךְ דִיא וַוייבֶּער זַיין צוּ זֵייעֶרֶע מֶענֶער אִין אַלֶעם:

25 מֶענֶער, לִיבְּט אֵייעֶרֶע וַוייבֶּער, אַזוֹי וִויא מָשִׁיחַ הָאט גֶעלִיבְּט דִיא גֶעמֵיינְדֶע אוּנְד הָאט זִיךְ פַאר אִיהְר גֶעגֶעבֶּען:

26 אַז עֶר זָאל זִיא הֵיילִיגֶען אוּנְד רֵיינִיגֶען מִיט דֶעם וַואשֶׁען פוּן וַואסֶער דוּרְךְ דֶעם וָוארְט:

27 אַז עֶר זָאל צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט פָאר־שְׁטֶעלֶען אַ הֶערְלִיכֶע גֶעמֵיינְדֶע אָהְן אֵיין פְלֶעק אָדֶער רִינְצֶעל אָדֶער עֶפְּעס דֶערגְלֵייכֶען, נֵייעֶרְט זִיא זָאל זַיין הֵיילִיג, אוּנְד אָהְן אֵיין פֶעהְלֶער:

28 אַזוֹי קֶערֶען דִיא מֶענֶער זֵייעֶרֶע וַוייבֶּער צוּ לִיבֶּען, וִויא זֵייעֶר אֵייגֶען לֵייבּ, דֶער וָואס לִיבְּט זַיין וַוייבּ לִיבְּט זִיךְ זֶעלְבְּסְט:

29 וָוארִין קֵיינֶער הָאט נָאךְ נִיט פֵיינְד גֶעהַאט זַיין לֵייבּ, נֵייעֶרְט עֶר שְׁפֵּייזְט אוּנְד דֶערְנֶערְט עֶס, אַזוֹי וִויא דֶער הַאר דִיא גֶעמֵיינְדֶע:

30 וָוארִין מִיר זֶענֶען דִיא גְלִידֶער פוּן זַיין לֵייבּ, פוּן זַיין פְלֵייש אוּנְד פוּן זַיינֶע בֵּיינֶער:

31 דְרוּם זָאל אֵיין מֶענְשׁ פַארְלָאזֶען זַיין פָאטֶער אוּנְד מוּטֶער, אוּנְד זָאל זִיךְ בֶּעהֶעפְטֶען צוּ זַיין וַוייבּ, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען בֵּיידֶע זַיין אֵיין פְלֵייש:

32 דָאס אִיז אֵיין גְרוֹיס גֶעהֵיימְנִיס, אָבֶּער אִיךְ רֶעד פוּן מָשִׁיחַ אוּנְד פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע:

33 אוּנְד לָאז אוֹיךְ אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ זַיין וַוייבּ לִיבֶּען אַזוֹי וִויא זִיךְ זֶעלְבְּסְט; אוּנְד לָאז דָאס וַוייבּ מוֹרָא הָאבֶּען פַאר דֶעם מַאן:

## קאפיטעל ו

1 קִינְדֶער, גֶעהָארְכְט אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן אִין דֶעם הַאר, וָוארִין דָאס אִיז רֶעכְט:

2 הַאלְט עֶרְלִיךְ דֵיין פָאטֶער אוּנְד מוּטֶער; וָואס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע מִצְוָה מִיט אֵיינֶע הַבְטָחָה:

3 כְּדֵי עֶס זָאל דִיר וְואוֹיל זַיין, אוּנְד דוּא זָאלְסְט לַאנְג לֶעבֶּען אוֹיף דֶער עֶרְד:

4 אוּנְד אִיהְר פֶעטֶער דֶערְצֶערְנְט נִיט אֵייעֶרֶע קִינְדֶער; נֵייעֶרְט דֶערְצִיהְט זֵייא אִין דֶער צִיכְטִיגְקֵייט אוּנְד מוּסָר פוּן דֶעם הַאר:

5 אִיהְר קְנֶעכְט גֶעהָארְכְט אֵייעֶרֶע לֵייבְּלִיכֶע הַארֶען מִיט פוּרְכְט אוּנְד

צִיטֶערְנִים, מִיט אֵייעֶר גַאנְצֶען הַארְץ, אַזוֹי וִויא צוּ מָשִׁיחַ:

6 נִיט מִיט אוֹיגֶען־דִינְסְט, וִויא דִיא וָואס טְהוּן מֶענְשֶׁען צוּ גֶעפַאלֶען, נֵייעֶרְט וִויא דִיא קְנֶעכְט פוּן מָשִׁיחַ, אִיהְר זָאלְט טְהוּן דֶעם וִוילֶען פוּן גָאט פוּן אֵייעֶר הַארְץ:

7 אוּנְד זָאלְט דִינֶען דֶעם הַאר מִיט גוּטֶען וִוילֶען, אוּנְד נִיט מֶענְשֶׁען:

8 וִויא אִיהְר ווייסְט אַז דָאס גוּטֶע וָואס אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ טְהוּט, דָאס וֶועט עֶר אַנְטְפַאנְגֶען פוּן דֶעם הַאר, אוֹיב עֶר אִיז אֵיין קְנֶעכְט אָדֶער אֵיין פְרֵייעֶר מֶענְשׁ:

9 אוּנְד אִיהְר הַארֶען, טְהוּט אִיהְר דָאס זֶעלְבִּיגֶע צוּ זֵייא, אוּנְד הֶערְט אוֹיף צוּ בֵּייזֶערֶען; וִויא אִיהְר ווייסְט אַז אֵייעֶר הַאר אִיז אוֹיךְ אִין הִימֶעל, אוּנְד עֶר אִיז קֵיינֶעם נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים:

10 אַצוּנְד מֵיינֶע בְּרִידֶער, זַייט שְׁטַארְק אִין דֶעם הַאר אוּנְד אִין דֶער קְרַאפְט פוּן זֵיינֶע מַאכְט:

11 טְהוּט אָן דִיא גַאנְצֶע וַואפֶען פוּן גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט קֶענֶען בֶּעשְׁטֵיין דִיא פַאלְשְׁהֵייטֶען פוּן דֶעם שָׂטָן:

12 וָוארִין מִיר שְׁטְרֵייטֶען נִיט מִיט בְּלוּט אוּנְד פְלֵיישׁ, נֵייעֶרְט מִיט הֶערְשַׁאפְטֶען, מִיט מֶעכְטֶען, מִיט דִיא הֶערְשֶׁערִם פוּן דֶער פִינְסְטֶערְנִים פוּן דִיזֶער וֶועלְט, מִיט בֵּייזֶע רוּחוֹת אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל:

13 דְרוּם נֶעמְט אוֹיף אֵייךְ דִיא גַאנְצֶע וַואפֶען פוּן גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט קֶענֶען בֶּעשְׁטֵיין אִין דֶעם בֵּייזֶען טָאג, אוּנְד וֶוען אִיהְר הָאט אַלֶעס אוֹיסְגֶערִיכְטֶעט שְׁטֵיין צוּ בְּלֵייבֶּען:

14 דְרוּם שְׁטֵייט פֶעסְט אוּנְד גַארְטֶעלְט אַרוּם אֵיירֶע לֶענְדֶען, מִיט וָוארְהֵייט, אוּנְד טְהוּט אָן דֶעם פַּאנְצֶער פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט:

15 אוּנְד פַאר אֵיירֶע שִׁיךְ דָאס אָנְבְּרֵייטֶען פוּן דֶעם עֶוַואנְגֶעלְיוּם פוּן פְרִידֶען:

16 אוּנְד אִיבֶּער אַלֶעס נֶעמְט אוֹיף אֵייךְ דָאס שִׁילְד פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען, מִיט וֶועלְכֶען אִיהְר וֶועט קֶענֶען פַארְלֶעשֶׁען אַלֶע פֵייעֶרְדִיגֶע פֵייְלֶען פוּן דֶעם בֵּייזֶען:

17 אוּנְד נֶעמְט דֶעם הֶעלְם פוּן זֶעלִיגְקֵייט, אוּנְד דָאס שְׁוֶוערְד פוּן דֶעם גֵייסְט, וָואס אִיז דָאס וָוארְט פוּן גָאט:

18 אוּנְד בֶּעטֶעט בֶּעשְׁטֶענְדִיג מִיט אַלֶערְלֵייא גֶעבֶּעט אוּנְד בַּקָשׁוֹת אִין דֶעם גֵייסְט, אוּנְד וַואכְט דֶערְצוּ מִיט בֶּעשְׁטֶענְדִיגְקֵייט אוּנְד גֶעבֶּעט פַאר אַלֶע הֵיילִיגֶע:

19 אוּנְד פַאר מִיר, אַז דָאס וָוארְט זָאל מִיר גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אִיךְ זָאל עֶפְנֶען מֵיין מוֹיל מִיט פְרֵייהֵייט, אוּנְד זָאל צוּ וִויסֶען טְהוּן דָאס גֶעהֵיימְנִים פוּן דֶעם עֶוַואנְגֶעלְיוּם:

20 פַאר וֶועלְכֶען אִיךְ בִּין אֵיין שָׁלִיחַ אִין קֵייטֶען, אַז אִיךְ זָאל דְרִינֶען רֶעדֶען עֶפֶענְטְלִיךְ אַזוֹי וִויא אִיךְ קֶעהְר צוּ רֶעדֶען:

21 אוּנְד אַז אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ וִויסֶען מֵיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אוּנְד וָואס אִיךְ טְהוּא, אַזוֹי וֶועט אֵייךְ טִיכִיקוּס אַלֶעס צוּ וִויסֶען טְהוּן, וָואס אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער בְּרוּדֶער אוּנְד אֵיין גֶעטְרֵייעֶר דִינֶער אִין דֶעם הַאר:

22 אִיךְ הָאבּ אִיהְם פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען צוּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט, אַז אִיהְר זָאלְט

ווִיסֶען וִויא עֶס גֵייט מִיר, אוּנְד עֶר זָאל אֵייעֶר הַארְץ טְרֵייסְטֶען׃

23 שָׁלוֹם צוּ דִיא בְּרִידֶער, אוּנְד לִיבְּשַׁאפְט מִיט גְלוֹיבֶּען פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער אוּנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃

24 גְנָאד זֵייא מִיט אַלֶע וָואס לִיבֶּען אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ אִין דֶער פַארְהַייט, אָמֵן׃

געשריבען פֿון רוים צו דיא עפֿעזער דורך טיכיקוס.



# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל שָׁלִיחַ (פולוס) צוּ דִיא פִּילִיפֶּער



1 פולוס אוּנְד טִימָאטֶעוּס דִיא קְנֶעכְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, צוּ אַלֶע הֵיילִיגֶע אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ וָואס זֶענֶען אִין פִילִיפִּי, מִיט דִיא בִּישָׁאפְס אוּנְד דִינֶערְס׃

2 גְנָאד זֵייא מִיט אֵייךְ, אוּנְד שָׁלוֹם פוּן גָאט אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃

3 אִיךְ דַאנְק מֵיין גָאט אַלֶע צֵייט וָוען אִיךְ גֶעדֶענְק אָן אֵייךְ׃

4 אוּנְד אִיךְ בֶּעט בֶּעשְׁטֶענְדִיג מִיט פְרֵייד אִין אַלֶע מֵיינֶע תְּפִלּוֹת פַאר אֵייךְ אַלֶע׃

5 אִיבֶּער אֵיירֶע גֶעמֵיינְשַׁאפְט אִין דֶעם עֶוַואנְגֶעלְיוּם, פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אָן בִּיז אַצוּנְד׃

6 אוּנְד אִיךְ בִּין זִיכֶער אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער זַאךְ, אַז דֶער וָואס הָאט אִין אֵייךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אֵיין גוּט וֶוערְק וֶועט עֶס עֶנְדִיגֶען בִּיז צוּם טָאג פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃

7 אַזוֹי וִויא עֶס אִיז רֶעכְט אִיךְ זָאל דָאס דֶענְקֶען פוּן אֵייךְ אַלֶע, וָוארִין אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אִין מֵיין הַארְץ, אַפִּילוּ אִין מֵיין גֶעפֶענְקֶענִיס, אוּנְד וֶוען אִיךְ פַארְעֶנְטְפֶער אוּנְד בֶּעפֶעסְטִיג דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם, אוּנְד אִיהְר הָאט אַלֶע אֵיין טֵייל אִין מֵיינֶע גְנָאד׃

8 וָוארִין גָאט אִיז מֵיין עֵדוּת וִויא אִיךְ גְלוּסְט נָאךְ אֵייךְ אַלֶע אִין דֶער לִיבְּשַׁאפְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃

9 אוּנְד דָאס בֶּעט אִיךְ, אַז אֵיירֶע לִיבְּשַׁאפְט זָאל זִיךְ נָאךְ זֶעהְר פִיל מֶעהְרֶען אִין וִויסֶענְשַׁאפְט אוּנְד אִין אַלֶען פֶערְשְׁטַאנְד׃

10 אַז אִיהְר זָאלְט פְּרוּפֶען דָאס בֶּעסְטֶע, אוּנְד זָאלְט זֵיין לוֹיטֶער אוּנְד אָהְן אַ פֶעהְלֶער בִּיז צוּם טָאג פוּן מָשִׁיחַ׃

11 אוּנְד דֶערְפִילְט מִיט דִיא פְרוּכְט פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס זֶענֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, צוּ דֶער הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד לוֹיבּ פוּן גָאט׃

12 אוּנְד אִיךְ ווִינְשׁ, בְּרִידֶער אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען אַז דָאס וָואס אִיז צוּ מִיר גֶעשֶׁעהֶען הָאט גֶעהָאלְפֶען דָאס עֶוַואנְגֶעלְיוּם צוּ פַארבְּרֵייטֶען׃

13 אַפִּילוּ מֵיינֶע קֵייטֶען אִין מָשִׁיחַ זֶענֶען אַנְטפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען אִים גַאנְצֶען הוֹיף אוּנְד אִין אַלֶע אַנְדֶערֶע עֶרְטֶער׃

אונד

14 אוּנְד פִּילֶע פוּן דִיא בְּרִידֶער אִין דֶעם האר, וָואס זֶענֶען פַארְזִיכֶערְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ מֵיינֶע קֵייטֶען, הָאבֶּען זִיךְ מֶעהְר גֶעוָואגְט דָאס וָוארְט צוּ רֶעדֶען אָהְן פָארְכְט:

15 עֶטלִיכֶע פְּרֶעדִיגֶען מָשִׁיחַ דוּרְךְ קִנְאָה אוּנְד גֶעצַאנְק, אוּנְד עֶטְלִיכֶע אוֹיךְ פוּן גוּטֶען ווִילֶען:

16 יֶענֶע פְּרֶעדִיגֶען מָשִׁיחַ אוֹיס גֶע־צַאנְק נִיט אִים עֶרְנְסט, ווייל זֵייא דֶענְקֶען זֵייא וֶועלֶען מֶעהְר צָרוֹת צוּ זֶעצֶען צוּ מֵיינֶע קֵייטֶען:

17 אָבֶּער דִיזֶע טְהוּן עֶס אוֹיס לִיבּ־שַׁאפְט ווייל זֵייא ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין גֶעזֶעצְט דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם צוּ פַארְ־עֶנְטפֶערְן:

18 אָבֶּער וָואס אִיז דָאס? דָאךְ וֶועט אוֹיף אַלֶע פֶּעל מָשִׁיחַ גֶעפְּרֶעדִיגְט, אוֹיב עֶס אִיז פַאר אֵיין אוֹיסְרֵייד אָדֶער אִין דֶער וָואהְרְהֵייט; אוּנְד אִין דִיזֶען פְרֵייא אִיךְ מִיךְ, אוּנְד וֶועל מִיךְ ווייטֶער פְרֵייעֶן:

19 וָוארִין אִיךְ ווייס אַז דָאס וֶועט אוֹיסְפַאלֶען צוּ מֵיינֶע רֶעטוּנְג, דוּרְךְ אֵייעֶר גֶעבֶּעט אוּנְד דוּרְךְ דֶער הִילְף פוּן דֶעם גֵייסְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:

20 אַזוֹי ווִיא אִיךְ וַוארְט אוּנְד הָאף דְרוֹיף, אַז אִיךְ וֶועל אִין קֵיין זַאךְ נִיט פַארְשֶׁעמְט וֶוערֶען, נֵייעֶרְט מִיט אַלֶער פַארְזִיכֶערוּנְג, אַזוֹי וויא תָּמִיד, וֶועט מָשִׁיחַ אוֹיךְ אַצוּנְד דֶערהֵייבְּט וֶוערֶען אִין מֵיין לֵייבּ, אוֹיב עֶס אִיז דוּרְךְ מֵיין לֶעבֶּען אָדֶער טוֹיט:

21 וָוארִין פַאר מִיר אִיז מָשִׁיחַ דָאס לֶעבֶּען, אוּנְד דֶער טוֹיט אִיז אַ גֶעווין:

22 אָבֶּער וֶוען אִיךְ לֶעב אִין דֶעם פְלֵיישׁ אַזוֹי אִיז דָאס דִיא פְרוּכְט פוּן מֵיינֶע אַרְבֵּייט, אוּנְד אִיךְ ווייס נִיט וָואס אִיךְ זָאל אוֹיסְדֶערְוֶועהְלֶען:

23 וָוארִין אִיךְ בִּין אִין אֵיינֶע עֶנְג־שַׁאפְט צְווִישֶׁען צְווייא וֶועגֶען, אִיךְ הָאבּ לוּסְט אַוֶועק צוּ גֵיין אוּנְד צוּ זַיין מִיט מָשִׁיחַ, וָואס אִיז פִיל בֶּעסֶער:

24 אָבֶּער צוּ בְּלֵייבֶּען אִין דֶעם פְלֵיישׁ אִיז מֶעהְר נֵייטִיג פַאר אֵייךְ:

25 אוּנְד ווייל אִיךְ בִּין אִין דִיזֶען פַאר־זִיכֶערְט, אַזוֹי ווייס אִיךְ אַז אִיךְ וֶועל בְּלֵייבֶּען אוּנְד וֶועל זַיין בֵּייא אֵייךְ אַלֶע, אוּם אֵייךְ ווייטֶער צוּ בְּרֶענְגֶען אוּנְד צוּ דֶערפְרֵייעֶן אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען:

26 אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ מִיט מִיר זֵייעֶר רִיהְמֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דוּרְךְ דֶעם וָואס אִיךְ וֶועל ווִידֶער בֵּייא אֵייךְ זַיין:

27 אָבֶּער וַואנְדֶעלְט נָאךְ ווִיא עֶס קֶעהְר צוּ זַיין אִין דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם פוּן מָשִׁיחַ, אַז וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען אוּנְד וֶועל אֵייךְ זֶעהֶען, אָדֶער אוֹיבּ אִיךְ וֶועל נִיט מִיט אֵייךְ זַיין, אַזוֹי זָאל אִיךְ הֶערֶען אַז אִיהְר שְׁטֵייט פֶעסְט אִין אֵיינֶעם גֵייסְט. אוּנְד אַז אִיהְר שְׁטְרֵייט צוּזַאמֶען מִיט אֵיין גֶעמִיט פַאר דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם:

28 אוּנְד דֶערשְׁרֶעקְט אֵייךְ גָאר נִיט פַאר אֵייעֶרֶע פֵיינְד; וָואס אִיז צוּ זֵייא אֵיין צֵייכֶען פוּן פַארְלוֹירֶענִים, אָבֶּער צוּ אֵייךְ פוּן רֶעטוּנְג, אוּנְד דָאס פוּן גָאט:

29 וָוארִין עֶס אִיז צוּ אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען וֶועגֶען מָשִׁיחַ, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט אַלֵיין אָן אִיהְם גְלוֹיבֶּען, נֵייעֶרְט אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ פַאר אִיהְם לֵיידֶען:

30 אוּנְד אִיהְר הָאט דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען שְׁטְרֵייט וָואס אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען אִין

מִיר

מִיר, אוּנְד וָואס אִיהְר הֶערְט אַצוּנְד פוּן מִיר:

## קאפיטעל ב

1 דְרוּם אוֹיבּ דָא אִיז אֵיין נְחָמָה אִין מָשִׁיחַ, אָדֶער אֵיין טְרֵייסְט פוּן לִיבְּ־שַׁאפְט, אָדֶער אֵיינֶע גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֶעם גֵייסְט, אָדֶער גוּטִיגְקֵייט אוּנְד בַּארמְהֶערְצִיגְקֵייט:

2 אַזוֹי דֶערְפִילְט מֵיינֶע פְרֵייד, אַז אִיהְר זָאלְט הָאבֶּען אֵיינֶערְלֵייא גֶע־דַאנְקֶען אוּנְד אֵיינֶערְלֵייא לִיבְּשַׁאפְט, אוּנְד זָאלְט לֶעבֶּען אִין אֵיין גֶעמִיט אוּנְד אִין אֵיין גֶעדַאנְקֶען:

3 טְהוּט קֵיין זַאךְ נִיט דוּרךְ גֶעצַאנְק אָדֶער פַאלְשֶׁען כָּבוֹד, נֵייעֶרְט מִיט אֵיין נִידֶערִיג גֶעמִיט לָאז אִיטְלִיכֶער דֶעם אַנְדֶערְן גְרֶעסֶער הַאלְטֶען וִויא זִיךְ זֶעלְבְּסְט:

4 לָאז נִיט אִיטְלִיכֶער אוֹיף דָאס זֵיינִיגֶע אַכְטוּנְג גֶעבֶּען, נֵייעֶרְט אוֹיךְ אוֹיף דֶעם וָואס קֶעהְר צוּם אַנְדֶערְן:

5 לָאז דִיזֶער גֶעדַאנְקֶען אִין אֵייךְ זֵיין וָואס וַואר אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:

6 וָואס וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער גֶעשְׁטַאלְט פוּן גָאט הָאט עֶר עֶס נִיט פַאר אֵיין רוֹיבּ גֶעהַאלְטֶען עֶר זָאל זֵיין גְלֵייךְ צוּ גָאט:

7 אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ אוֹיסגֶעלֵיידִיגְט, אוּנְד הָאט אָנְגֶענוּמֶען דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אֵיין קְנֶעכְט, אוּנְד וַואר גְלֵייךְ צוּ אֵיין מֶענְשׁ:

8 אוּנְד וֶוען עֶר וַואר גֶעפוּנֶען אִין דֶער גֶעשְׁטַאלְט וִויא אֵיין מֶענְשׁ, אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ דֶערְנִידֶערִיגְט אוּנְד וַואר גֶעהָארְזַאם בִּיז צוּם טוֹיט, אַפִילוּ צוּ דֶעם טוֹיט פוּן דֶעם קְרֵייץ:

9 דְרוּם הָאט אִיהְם גָאט אוֹיךְ זֶעהְר דֶערְהֵייכְט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אֵיין נָאמֶען וָואס אִיז אִיבֶּער אַלֶע נֶעמֶען:

10 אַז אִיטְלִיכֶעס קְנִיא וָואס אִיז אִים הִימֶעל אוּנְד אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד אוּנְטֶער דֶער עֶרְד, זָאל זִיךְ בֵּייגֶען צוּם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ:

11 אוּנְד אַז אִיטְלִיכֶע צוּנְג זָאל בֶּע־קֶענֶען אַז יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אִיז הַאר, צוּם כָּבוֹד פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער:

12 דְרוּם, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט תָּמִיד צוּגֶעהָארְכְט, נִיט אַלֵיין וֶוען אִיךְ וַואר בֵּייא אֵייךְ, נֵייעֶרְט אַצוּנְד נָאךְ מֶעהְר וֶוען אִיךְ בִּין נִיט מִיט אֵייךְ, ווִירְקְט אֵיירֶע זֶעלִיגְקֵייט מִיט פוּרְכְט אוּנְד צִיטֶערְנִיס:

13 וָוארִין עֶס אִיז גָאט וָואס ווִירְקְט אִין אֵייךְ צוּ ווִילֶען אוּנְד צוּ טְהוּן נָאךְ זֵיין גוּטֶען ווִילֶען:

14 טְהוּט אַלֶעס אָהְן גֶעמוּרְמֶעל אוּנְד שְׁטְרֵייט:

15 אַז אִיהְר זָאלְט זֵיין רֵיין אוּנְד לוֹיטֶער, דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט אָהְן אֵיין פֶעהְלֶער צְווִישֶׁען אֵיין פַארְקֶעהְרְט אוּנְד שְׁלֶעכְטֶען גֶעבִּירְט, אִין וֶועלְכֶען אִיהְר שֵׁיינְט וִויא לִיכְט אִין דֶער וֶועלְט:

16 אוּנְד הַאלְט אֵייךְ אָן דֶעם וָוארְט פוּן לֶעבֶּען; אַז אִיךְ זָאל מִיךְ רִיהְמֶען אִין דֶעם טָאג פוּן מָשִׁיחַ דָאס אִיךְ בִּין נִיט אוּמְזוּנְסְט גֶעלָאפֶען אוּנְד הָאבּ נִיט אוּמְזוּנְסְט גֶעאַרְבֵּייט:

17 אוּנְד וֶוען אִיךְ זָאל מִיךְ אוֹיךְ מַקְרִיב זֵיין פַאר דֶעם קָרְבָּן אוּנְד דִינְסְט פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, אַזוֹי פְרֵייא אִיךְ מִיךְ אוּנְד בִּין פְרֵיילִיךְ מִיט אֵייךְ אַלֶע:

18 אוּנְד אִיבֶּער דִיזֶען פְרֵייעֶט אִיהְר אֵייךְ אוֹיךְ אוּנְד זֵייט פְרֵיילִיךְ מִיט מִיר:

19 אָבֶּער אִיךְ הָאף אִין דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ אַז אִיךְ וָועל בַּאלְד טִימָאטֶעוּס צוּ אֵייךְ שִׁיקֶען, אַז אִיךְ זָאל אוֹיךְ דֶערְ־קְוִויקְט וֶוערֶען וֶוען אִיךְ וֶועל וִויסֶען וִויא עֶס גֵייט אֵייךְ:

20 וָוארִין אִיךְ הָאבּ קֵיינֶעם נִיט נָאךְ מֵיין הַארְץ, וָואס זָאל אוֹיפְרִיכְטִיג פַאר אֵייךְ זָארְגֶען:

21 וָוארִין זֵייא זוּכֶען אַלֶע דָאס זֵייעֶרִי־גֶע, אוּנְד נִיט דִיא זַאכֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:

22 אָבֶּער אִיהְר וֵוייסְט זֵיין פְּרוּף, אַז עֶר הָאט מִיט מִיר גֶעדִינְט אִין דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם אַזוֹי וִויא אֵיין קִינְד מִיט דֶעם פָּאטֶער:

23 דְרוּם הָאף אִיךְ אִיהְם בַּאלְד צוּ שִׁיקֶען, וֶוען אִיךְ וֶועל זֶעהֶען וִויא עֶס גֵייט מִיט מִיר:

24 אוּנְד אִיךְ פֶּערטְרוֹיעֶ אִין דֶעם הַאר אַז אִיךְ זֶעלְבְּסְט וֶועל אוֹיךְ בַּאלְד קוּמֶען:

25 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ עֶס פַאר נֵייטִיג גֶעהַאלְטֶען אַז אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ שִׁיקֶען עֶפַּאפְרָאדִיטוּס, וָואס אִיז מֵיין בְּרוּדֶער אוּנְד הֶעלְפֶער אוּנְד מִיט שְׁטְרֵייטֶער, אוּנְד אֵייעֶר אַפָּאסְטֶעל, אוּנְד דֶער וָואס פַארְזֶעהְט מֵיין בֶּעדֶערְפֶענִים:

26 וָוארִין עֶר הָאט גֶעגְלוּסְט נָאךְ אֵייךְ אַלֶע, אוּנְד הָאט זִיךְ מְצַעַר גֶעוֶועזֶען, וֵוייל אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶר וַואר קְרַאנְק:

27 וָוארִין עֶר וַואר קְרַאנְק נָאהְנְט צוּם טוֹיט, אָבֶּער גָאט הָאט זִיךְ אִיבֶּער אִיהְם דֶערְבַּארֶעמְט. אוּנְד נִיט אַלֵיין אִיבֶּער אִיהְם, נֵייעֶרְט אוֹיךְ אִיבֶּער מִיר, אַז אִיךְ זָאל נִיט הָאבֶּען אֵיין צַעַר אִיבֶּער דֶעם אַנְדֶערְן:

28 דְרוּם הָאבּ אִיךְ אִיהְם גֶעשְׁוִוינְדֶער גֶעשִׁיקְט אַז אִיהְר זָאלְט אִיהְם וִוידֶער זֶעהֶען אוּנְד זָאלְט אֵייךְ פְרֵייעֶן, אוּנְד אַז אִיךְ זָאל וֵוייניגֶער צַעַר הָאבֶּען:

29 דְרוּם אַנְטְפַאנְגְט אִיהְם אִין דֶעם הַאר מִיט אַלֶער פְרֵייד, אוּנְד הַאלְט זָאלְכֶע לֵייט עֶרְלִיךְ:

30 וָוארִין וֶועגֶען דֶעם וֶוערְק פוּן מָשִׁיחַ וַואר עֶר נָאהְנְט צוּם טוֹיט, אוּנְד עֶר הָאט זֵיין לֶעבֶּען אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט אַז עֶר זָאל דֶערְפִילֶען דָאס וָואס פֶעהְלְט אִין אֵייעֶר דִינְסְט צוּ מִיר:

## קאפיטעל ג

1 וֵוייטֶער, מֵיינֶע בְּרִידֶער, פְרֵייעֶט אֵייךְ אִין דֶעם הַאר, מִיר אִיז עֶס נִיט פַארְדְרִיסְלִיךְ אִיךְ זָאל אֵייךְ דָאס זֶעלְ־בִּיגֶע שְׁרֵייבֶּען, אָבֶּער פַאר אֵייךְ אִיז עֶס זִיכֶער:

2 הִיט אֵייךְ פַאר דִיא הִינְט, הִיט אֵייךְ פַאר דִיא וָואס טְהוּן בֵּייז, הִיט אֵייךְ פַאר דֶער צֶערשְׁנֵיידוּנְג:

3 וָוארִין מִיר זֶענֶען דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג וָואס דִינֶען גָאט אִין דֶעם גֵייסְט, אוּנְד רִיהְמֶען זִיךְ אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אוּנְד פַארְזִיכֶערְן זִיךְ נִיט אִין דֶעם פְלֵיישׁ:

4 חָאטְשֶׁע אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוֹיךְ צוּ פַארְזִיכֶערְן אִין דֶעם פְלֵיישׁ, וֶוען אֵיין אַנְדֶערֶער דֶענְקְט עֶר הָאט, זִיךְ מִיט עֶפֶּעס צוּ פַארזִיכֶערֶען אִין דֶעם פְלֵיישׁ, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מֶעהְר:

5 אִיךְ בִּין בֶּעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען דֶעם אַכְטֶען טָאג, אוּנְד בִּין פוּן דֶעם גֶע־שְׁלֶעכְט פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּן שֵׁבֶט בִּנְיָמִין, אֵיין עִבְרִי פוּן דִיא עִבְרִים, אוּנְד אֵיין פָּרוּשׁ נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ:

6 אִיךְ הָאבּ מִיט קִנְאָה פֶערְפָאלְגְט

דִיא גֶעמֵיינְדֶע אוּנְד הָאבּ נִיט גֶעפֶּעהְלט
אִין דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם גֶעזֶעץ:
7 אָבֶּער דָאס וָואס אִיז מִיר גֶעוֶועזֶען
אֵיין גֶעוִוינְסט, דָאס הָאבּ אִיךְ גֶערֶע־
כֶענְט אֵיין שָׁאדֶען פוּן מָשִׁיחַ׳ס וֶועגֶען:
8 יוֹא, אִיךְ רֶעכֶען נָאךְ אַלֶעס פַאר
אֵיין שָׁאדֶען וֶועגֶען דֶער גְרוֹיסֶער
ווִיסֶענְשַׁאפְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ מֵיין הַאר,
פַאר וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ אַלֶעס פַארְ־
לוֹירֶען, אוּנְד אִיךְ רֶעכֶען עֶס פַאר
מִיסְט, כְּדֵי אִיךְ זָאל גֶעוִוינֶען מָשִׁיחַ:
9 אוּנְד זָאל אִין אִיהְם גֶעפוּנֶען וֶוערֶען,
אוּנְד זָאל נִיט הָאבֶּען מֵיינֶע אֵייגֶענֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס אִיז פוּן דֶעם גֶע־
זֶעץ, נֵייעֶרְט דָאס וָואס אִיז דוּרְךְ דֶעם
גְלוֹיבֶּען פוּן מָשִׁיחַ, דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
וָואס אִיז פוּן גָאט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען:
10 כְּדֵי אִיךְ זָאל אִיהְם דֶערְקֶענֶען,
אוּנְד דִיא מַאכְט פוּן זֵיין אוֹיפְשְׁטַאנְד,
אוּנְד דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן זֵיינֶע לֵיידֶען,
אוּנְד זָאל פַארגְלֵייכְט וֶוערֶען צוּ זֵיין
טוֹיט:
11 אוֹיבּ אִיךְ וֶועל קֶענֶען דֶערְלַאנְגֶען
צוּ תְּחִיַּית הַמֵתִים:
12 נִיט גְלֵייךְ אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ עֶס שׁוֹין
דֶערְלַאנְגְט, אָדֶער גְלֵייךְ אִיךְ בִּין שׁוֹין
גַאנְץ. נֵייעֶרְט אִיךְ יָאג נָאךְ אוֹיבּ אִיךְ
וֶועל דָאס דֶערגְרֵייפֶען פַאר וֶועלְכֶען
אִיךְ בִּין אוֹיךְ דֶערגְרִיפֶען בֵּייא יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ:
13 בְּרִידֶער, אִיךְ רֶעכֶען מִיךְ נִיט אַז
אִיךְ הָאבּ עֶס שׁוֹין דֶערגְרִיפֶען, אָבֶער
דִיא אֵיינֶע זַאךְ טְהוּא אִיךְ, אִיךְ פַארְ־
גֶעס וָואס אִיז הִינְטֶער מִיר. אוּנְד דֶערְ־
לַאנְג נָאךְ דֶעם וָואס אִיז צוּ פָאר מִיר:
14 אוּנְד אִיךְ יָאג נָאךְ צוּם צֵייכֶען
פוּן דֶעם שְׂכַר פוּן דֶער הוֹיכֶען בֶּערוּ־
פוּנְג פוּן גָאט אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיח:
15 דְרוּם, דִיזֶע פוּן אוּנְס וָואס זֶענֶען
גַאנְץ, לָאזֶען מִיר דִיזֶעס דֶענְקֶען, אוּנְד
וֶוען אִיהְר דֶענְקְט אַנְדֶערְשְׁט אִין עֶפֶּעס,
אַזוֹי וֶועט אֵייךְ גָאט דָאס אוֹיךְ אַנְט־
פְּלֶעקֶען:
16 אָבֶער ווִיא וֵוייט מִיר הָאבֶּען דֶערְ־
לַאנְגְט לָאזֶען מִיר וַואנְדְלֶען נָאךְ דֶער־
זֶעלְבִּיגֶען רֶעגֶעל, אוּנְד לָאזֶען מִיר
הָאבֶּען אֵיינֶערְלֵייא גֶעדַאנְקֶען·
17 בְּרִידֶער, פָאלְגְט מִיר נָאךְ, אוּנְד
זֶעהְט אוֹיף דִיא וָואס וַואנְדְלֶען ווִיא
אִיהְר הָאט אוּנְס פַאר אֵיין בֵּיישְׁפִּיל:
18 וָוארִין פִילֶע וַואנְדְלֶען (פוּן וֶועלְכֶע
אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אָפְט גֶעזָאגְט, אוּנְד
אַצוּנְד זָאג אִיךְ עֶס מִיט גֶעוֵויין, אַז
זֵייא זֶענֶען דִיא פֵיינְד פוּן דֶעם קְרֵייץ
פוּן מָשִׁיחַ:
19 וָואס זֵייעֶר עֶנְד אִיז פַארדַארְבֶּענִיס,
אוּנְד זֵייעֶר גָאט אִיז דֶער בּוֹיךְ, אוּנְד
זֵייעֶר כָּבוֹד אִיז אִין זֵייעֶר שַׁאנְד, וָואס
דֶענְקֶען אוֹיף וֶועלְטְלִיכֶע זַאכֶען:
20 וָוארִין אוּנְזֶער וַואנְדֶעל אִיז אִין
דֶעם הִימֶעל, פוּן וַואנֶען מִיר דֶערְ־
וַוארְטֶען דֶעם רֶעטֶער, דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ:
21 וָואס וֶועט פַאר וֶועקְסְלֶען דֶעם
לֵייבּ פוּן אוּנְזֶערֶער נִידֶערִיגְקֵייט כְּדֵי עֶר
זָאל זֵיין גְלֵייךְ צוּ זֵיין הֶערְלִיכֶען לֵייבּ,
נָאךְ דֶער מַאכְט בֵּייא וֶועלְכֶער עֶר קֶען
צוּ זִיךְ אַלֶעס אוּנְטֶערְטֶענִיג מַאכֶען:

קאפיטעל ד

1 דְרוּם מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע אוּנְד פַארְ־
לַאנְגְטֶע בְּרִידֶער, מֵיינֶע פְרֵייד אוּנְד
מֵיינֶע קְרוֹין! שְׁטֵייט אַזוֹי פֶעסְט אִין
דֶעם הַאר, גֶעלִיבְּטֶע:
2 אִיךְ בֶּעט אַבְהוֹדְיָא אוּנְד אִיךְ בֶּעט

סוּנְטוּכֵי זַייא זָאלֶען הָאבֶּען אֵיינֶערְלֵייא גֶעדַאנְקֶען אִין דֶעם הַאר ׃

3 אוּנְד אִיךְ בֶּעט דִיךְ אוֹיךְ מֵיין גֶעטְרֵייעֶר גֶעזֶעלֶען, הֶעלְף דִיא וָואס הָאבֶּען מִיט מִיר גֶעאַרְבֵּייט אִין דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם, אוּנְד אוֹיךְ מִיט קְלֶעמֶענְס אוּנְד מֵיינֶע אַנְדֶערֶע הֶעלְפֶערְס, וָואס זֵיירֶע נֶעמֶען זֶענֶען אִין דֶעם סֵפֶר הַחַיִים ׃

4 פְרֵייעֶט אֵייךְ שְׁטֶענְדִיג אִין דֶעם הַאר, אוּנְד אִיךְ זָאג וִוידֶער אַמָאל, פְרֵייעֶט אֵייךְ ׃

5 לָאז אֵיירֶע דֶעמִיטִיגְקֵייט בֶּעקֶענְט זַיין צוּ אַלֶע לֵייט, דֶער הַאר אִיז נָאהֶנְט ׃

6 זָארְגְט פַאר קֵיין זַאךְ נִיט, נֵייעֶרְט אִין אַלֶעם לָאזְט וִויסֶען אֵייעֶר בֶּעדֶערְפֶענִים צוּ גָאט אִים גֶעבֶּעט אוּנְד תְּחִנָּה מִיט דַאנְק ׃

7 אוּנְד דֶער פְרִידֶען פוּן גָאט, וָואס אִיז אִיבֶּער אַלֶען פֶערְשְׁטַאנְד וֶועט בֶּעוָואהְרֶען אֵייעֶר הַארְץ אוּנְד גֶעדַאנְקֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ ׃

8 אַצוּנְד בְּרִידֶער, אַלֶעם וָואס אִיז וָואהְר, אַלֶעם וָואס אִיז אָנְשְׁטֶענְדִיג, אַלֶעם וָואס אִיז גֶערֶעכְט, אַלֶעם וָואס אִיז רֵיין, אַלֶעם וָואס אִיז לִיבְּלֶעךְ, אַלֶעם וָואס הָאט אֵיין גוּטֶען שֵׁם, אוֹיבּ דָא אִיז עֶפֶּעס אֵיינֶע פְרוּמֶע זַאךְ, אָדֶער עֶפֶּעס אֵיין לוֹיבּ, דֶענְקְט אָן דִיזֶע זַאכֶען ׃

9 וָואס אִיהְר הָאט אַנְטְפַאנְגֶען אוּנְד גֶעהֶערְט אוּנְד גֶעזֶעהֶען פוּן מִיר, דָאס טְהוּט; אוּנְד דֶער גָאט פוּן פְרִידֶען וֶועט מִיט אֵייךְ זַיין ׃

10 אוּנְד אִיךְ פְרֵייעֶ מִיךְ זֶעהְר אִין דֶעם הַאר, דָאס אֵיירֶע זָארְג פַאר מִיר בְּלִיהְט שׁוֹין וִוידֶער; חָאטְשֶׁע אִיהְר הָאט אוֹיךְ פְרִיעֶר גֶעזָארְגְט, אָבֶּער אִיהְר הָאט קֵיינֶע גֶעלֶעגֶענְהֵייט נִיט גֶעהַאט ׃

11 אִיךְ זָאג דָאס אָבֶּער נִיט וֶועגֶען מֵיין בֶּעדֶערְפֶענִים, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעלֶערְנְט צוּפְרִידֶען צוּ זַיין אִין וָואס פַאר אֵיין שְׁטַאנְד אִיךְ בִּין ׃

12 אִיךְ וֵוייס וִויא דֶערְנִידֶערִיגְט צוּ זַיין אוּנְד אִיךְ וֵוייס וִויא דֶערְפִילְט צוּ זַיין; אִיךְ בִּין גֶעלֶערֶענְט אִין אַלֶע עֶרְטֶער אוּנְד אִין אַלֶע זַאכֶען זַאט צוּ זַיין אוּנְד צוּ הוּנְגֶערֶען, אִיבְּרִיג צוּ הָאבֶּען אוּנְד נוֹיט צוּ לֵיידֶען ׃

13 אִיךְ קֶען אַלֶעם טְהוּן דוּרְךְ מָשִׁיחַ וָואס שְׁטַארְקְט מִיךְ ׃

14 אָבֶּער אִיהְר הָאט וְואוֹיל גֶעטְהוּן דָאס אִיהְר הָאט אֵיין טֵייל גֶענוּמֶען אִין מֵיינֶע צָרוֹת ׃

15 אוּנְד דָאס זָאלְט אִיהְר אוֹיךְ וִויסֶען, אִיהְר פִילִיפֶּער, אַז אִין דֶעם אָנְהֵייבּ פוּן דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם, וֶוען אִיךְ בִּין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן מַקְדוֹנְיָא, אַזוֹי הָאט קֵיינֶע גֶעמֵיינְדֶע מִיט מִיר קֵיין טֵייל נִיט גֶענוּמֶען וֶועגֶען גֶעבֶּען אוּנְד גֶענֶעמֶען, נֵייעֶרְט אִיהְר אַלֵיין ׃

16 וָוארִין אִין טֶעסִילוֹנִיקִי הָאט אִיהְר אוֹיךְ אֵיין מָאל אוּנְד דָאס צְוֵוייטֶע מָאל גֶעשִׁיקְט צוּ מֵיין בֶּעדֶערְפֶענִים ׃

17 נִיט גְלֵייךְ אִיךְ פֶערְלַאנְג אֵיין גֶעשֶׁענְק, נֵייעֶרְט אִיךְ פֶערְלַאנְג פְרוּכְט וָואס זָאל זִיךְ מֶעהְרֶען צוּ אֵיירֶע רֶעכְנוּנְג ׃

18 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אַלֶעס, אוּנְד הָאבּ נָאךְ אִיבְּרִיג; אִיךְ בִּין דֶערְפִילְט, וֵוייל אִיךְ הָאבּ דֶערְהַאלְטֶען וָואס אִיהְר הָאט גֶעשִׁיקְט דוּרְךְ עֶפַּפְרָאדִיטוּס,

אֵיין זִיסֶען גֶעשְׁמַאק, אֵיין וִוילִיגֶעס קָרְבָּן, וָואס אִיז וָואוילְגֶעפַאלִיג צוּ גָאט :

19 אוּנְד מֵיין גָאט וֶועט דֶערְפִילֶען אֵייעֶר גַאנְץ בֶּעדֶערְפֶענִים נָאךְ זֵיין רֵייכְטְהוּם אִין דֶער הֶערְלִיכְקֵייט דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ :

20 אוּנְד צוּ גָאט אוּנְד אוּנְזֶער פָאטֶער אִיז דֶער כָּבוֹד פוּן אֵייבִּיגְקֵייט צוּ אֵייבִּיגְקֵייט, אָמֵן :

21 גְרִיסְט אַלֶע הֵיילִיגֶע אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דִיא בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען מִיט מִיר גְרִיסֶען אֵייךְ :

22 אַלֶע הֵיילִיגֶע גְרִיסֶען אֵייךְ, אוּנְד בֶּעזוּנְדֶערְס דִיא פוּן דֶעם קֵיסֶערְס הוֹיזְגֶעזִינְד, דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זַייא מִיט אֵייךְ אַלֶע, אָמֵן :

געשריבען צו דיא פיליפער פון רום דורך עפאפראדיטוס.

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פוּלוּס צוּ דִיא קָאלָאסֶער.

1 פוּלוּס אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דוּרְךְ דֶעם וִוילֶען פוּן גָאט, אוּנְד טִימָאטֶעוּס אוּנְזֶער בְּרוּדֶער :

2 צוּ דִיא הֵיילִיגֶע אוּנְד גֶעטְרֵייעֶ בְּרִידֶער אִין מָשִׁיחַ וָואס זֶענֶען אִין קָאלָאסֶע, גְנָאד זַייא מִיט אֵייךְ, אוּנְד פְרִידֶען פוּן גָאט אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ :

3 מִיר דַאנְקֶען גָאט אוּנְד דֶעם פָאטֶער פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אוּנְד מִיר בֶּעטֶען שְׁטֶענְדִיג פַאר אֵייךְ :

4 וֵוייל מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אוּנְד אֵייעֶרֶע לִיבְּשַׁאפְט צוּ דִיא הֵיילִיגֶע :

5 וֶועגֶען דֶער הָאפְנוּנְג וָואס אִיז פַאר אֵייךְ אָפְּגֶעלֵייגְט אִין דֶעם הִימֶעל, וָואס אִיהְר הָאט פְרִיעֶר גֶעהֶערְט אִין דֶעם וָוארְט פוּן דֶער וָוארְהֵייט פוּן דֶעם עֶוואַנְגֶעלִיוּם :

6 וָואס אִיז צוּ אֵייךְ גֶעקוּמֶען, וִויא עֶס אִיז אוֹיךְ אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אוּנְד עֶס טְרָאגְט פְרוּכְט, אַזוֹי וִויא צְוִוישֶׁען אֵייךְ פוּן דֶעם טָאג וֶוען אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט אוּנְד דֶערְקֶענְט דִיא גְנָאד פוּן גָאט אִין דֶער וָוארְהֵייט :

7 וִויא אִיהְר הָאט אוֹיךְ גֶעלֶערֶענְט פוּן עֶפַּפְרַס אוּנְזֶער גֶעלִיבְּטֶען הֶעלְפֶער וָואס אִיז צוּ אֵייךְ אֵיין גֶעטְרֵייעֶר דִינֶער פוּן מָשִׁיחַ :

8 אוּנְד וָואס הָאט אוּנְס צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן אֵייעֶרֶע לִיבְּשַׁאפְט אִין דֶעם גֵייסְט :

9 דְרוּם פוּן דֶעם טָאג וָואס מִיר הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט טְהוּן מִיר נִיט אוֹיפְהֶערֶען פַאר אֵייךְ מִתְפַּלֵל צוּ זֵיין, אוּנְד צוּ בֶּעטֶען אַז אִיהְר זָאלְט דֶערְפִילְט וֶוערֶען מִיט דֶער וִויסֶענְשַׁאפְט פוּן זֵיין וִוילֶען אִין אַלֶער וָוארְהֵייט אוּנְד גֵייסְטלִיכֶען פַארְשְׁטַאנְד :

10 אַז אִיהְר זָאלְט וַואנְדְלֶען וְויא עֶס גֶעשִׁיקְט זִיךְ פַאר דֶעם הַאר מִיט אַלֶען וְואוילְגֶעפַאלֶען, אוּנְד זָאלְט זַיין פְּרוּכְטבַּאר אִין אִיטְלִיכֶען גוּטֶען וֶוערְק אוּנְד זָאלְט אֵייךְ מֶעהְרֶען אִין דֶער וִויסֶענְשַׁאפְט פוּן גָאט:

11 אוּנְד זָאלְט גֶעשְׁטַארְקְט זַיין מִיט אַלֶער מַאכְט נָאךְ דֶער קְרַאפְט פוּן זַיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט, צוּ אַלֶער גֶעדוּלְד אוּנְד לַאנְגמוּטִיגְקֵייט מִיט פְרֵייד:

12 אוּנְד זָאלְט דַאנְקֶען דֶעם פָאטֶער וָואס הָאט אוּנְס טוֹיגְלִיךְ גֶעמַאכְט צוּם טֵייל פוּן דֶער עֶרְבְשַׁאפְט פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אִין דֶעם לִיכְט:

13 וָואס הָאט אוּנְס מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן דֶער מַאכְט פוּן דֶער פִינְסְטֶערְנִים אוּנְד הָאט אוּנְס גֶעזֶעצְט אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן זַיין גֶעלִיבְּטֶען זוּהְן:

14 אִין וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען דִיא דֶערְלֵייזוּנְג דוּרְךְ זַיין בְּלוּט, דִיא פַארְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְדֶען:

15 אוּנְד עֶר אִיז דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן גָאט וָואס קֶען נִיט גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען, דֶער עֶלְצְטֶער פוּן אַלֶע בֶּעשֶׁעפְּנִים:

16 וָוארִין דוּרְךְ אִיהְם אִיז אַלֶעס בֶּעשַׁאפֶען וָואס אִיז אִין דֶעם הִימֶעל אוּנְד וָואס אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד, דִיא זַאכֶען וָואס וֶוערֶען גֶעזֶעהֶען אוּנְד וָואס וֶוערֶען נִיט גֶעזֶעהֶען, אוֹיבּ עֶס אִיז טְרוֹין־שְׁטוּלֶען אָדֶער הֶערְשַׁאפְטֶען, אָדֶער אוֹיבֶּערִיגְקֵייטֶען אָדֶער מֶעכְטֶע; אַלֶעס אִיז בֶּעשַׁאפֶען דוּרְךְ אִיהְם אוּנְד צוּ אִיהְם:

17 אוּנְד עֶר אִיז פְרִיעֶר פוּן אַלֶעס, אוּנְד אַלֶעס בֶּעשְׁטֵייט אִין אִיהְם:

18 אוּנְד עֶר אִיז דֶער הוֹיפְּט פוּן דֶעם לֵייבּ פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע, אוּנְד אִיז דֶער אָנְפַאנְג, דֶער עֶלְצְטֶער פוּן דִיא טוֹיטֶען, כְּדֵי עֶר זָאל אִין אַלֶעס זַיין דֶער עֶרְשְׁטֶער:

19 וָוארִין עֶס אִיז דֶעם פָאטֶער וְואוילְגֶעפַאלֶען אַז אִין אִיהְם זָאל דִיא גַאנְצֶע פוּלְהֵייט וְואוינֶען:

20 אוּנְד אַז עֶר זָאל דוּרְךְ אִיהְם אַלֶעס צוּ זִיךְ מְכַפֵּר זַיין, דָאס וָואס אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנְד דָאס וָואס אִיז אִין דֶעם הִימֶעל, וַוייל עֶר הָאט שָׁלוֹם גֶעמַאכְט דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט פוּן זַיין קְרֵייץ:

21 אוּנְד אֵייךְ וָואס אִיהְר זֶענְט פְרִיעֶר פַארְפְרֶעמְדֶעט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד פֵיינְדֶע אִין אֵייעֶר הַארְץ דוּרְךְ בֵּייזֶע מַעֲשִׂים, הָאט עֶר אַצוּנְד מְכַפֵּר גֶעוֶועזֶען:

22 אִין דֶעם לֵייבּ פוּן זַיין פְלֵיישׁ דוּרְךְ דֶעם טוֹיט, כְּדֵי עֶר זָאל אֵייךְ פַאר אִיהְם פַארְשְׁטֶעלֶען הֵיילִיג, אוּנְד גַאנְץ, אוּנְד אָהְן אֵיין פֶעהְלֶער:

23 וֶוען אִיהְר וֶועט בְּלֵייבֶּען גֶעגְרוּנְדִיגְט אוּנְד בֶּעפֶעסְטִיגְט אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען, אוּנְד וֶועט נִיט בֶּעוֶועגְט וֶוערֶען פוּן דֶער הָאפְנוּנְג פוּן דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט וָואס וַואר גֶעפְּרֶעדִיגְט צוּ אִיטְלִיכֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִים אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל, אוּנְד פוּן וֶועלְכֶען אִיךְ פּוֹלוֹס בִּין אֵיין דִינֶער:

24 אַצוּנְד פְרֵייעֶ אִיךְ מִיךְ אִין מֵיינֶע לֵיידֶען פַאר אֵייךְ, אוּנְד אִיךְ דֶערְפִיל אִין מֵיין פְלֵיישׁ דָאס וָואס פֶעהְלְט צוּ דִיא לֵיידֶען פוּן מָשִׁיחַ, פַאר זַיין לֵייבּ, וָואס אִיז דִיא גֶעמֵיינְדֶע:

25 וָואס אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען אֵיין דִינֶער דֶערְפוּן נָאךְ דֶער אֵיינְרִיכְטוּנְג

פוּן

פוּן גָאט וָואס אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען פוּן
אֵייעֶרְט וֶועגֶען, צוּ דֶערְפִילֶען דָאס
וָוארְט פוּן גָאט:
26 דָאס גֶעהֵיימְנִים וָואס וַואר פֶערְ־
הוֹילֶען פוּן אֵייבִּיגֶע צֵייטֶען אוּנְד
גֶעשְׁלֶעכְטֶער, אוּנְד אִיז אַצוּנְד אַנְטְ־
פְּלֶעקְט צוּ זֵיינֶע הֵיילִיגֶען:
27 וָואס גָאט הָאט זֵייא גֶעוָואלְט
צוּ ווִיסֶען טְהוּן דֶעם רֵייכְטוּם פוּן דֶער
הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דִיזֶען גֶעהֵיימְנִים
צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם, וָואס אִיז מָשִׁיחַ אִין
אֵייךְ, דִיא הָאפְנוּנְג פוּן הֶערְלִיכְקֵייט:
28 וֶועלְכֶען מִיר פְּרֶעדִיגֶען, אוּנְד
וָוארְנֶען אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ אוּנְד לֶעהְרֶען
אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ מִיט אַלֶער ווֵייזְהֵייט,
אַז מִיר זָאלֶען פָארְשְׁטֶעלֶען אִיטְלִיכֶען
מֶענְשׁ פָאלְשְׁטֶענְדִיג אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:
29 אוּנְד פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען טְהוּא אִיךְ
אוֹיךְ אַרְבֵּייטֶען, אוּנְד אִיךְ שְׁטְרֵייט
נָאךְ זֵיינֶער מַאכְט וָואס ווִירְקְט מֶעכְ־
טִיג אִין מִיר:

קאפיטעל ב

1 אוּנְד אִיךְ ווִיל הָאבֶּען אַז אִיהְר
זָאלְט ווִיסֶען וָואס פַאר אֵיין שְׁטְרֵייט
אִיךְ הָאבּ וֶועגֶען אֵייךְ, אוּנְד וֶועגֶען
דִיא וָואס זֶענֶען אִין לָאוֹדִיקִיָא, אוּנְד
וֶועגֶען אַלֶע וָואס הָאבֶּען מֵיין פָּנִים
נִיט גֶעזֶעהֶען אִין דֶעם פְלֵייש:
2 אַז זֵיירֶע הַארְצֶער זָאלֶען גֶעטְרֵייסְט
וֶוערֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען בֶּעפֶעסְטִיגְט
וֶוערֶען אִין דֶער לִיבְּשַׁאפְט, אוּנְד אִין
אַלֶען רֵייכְטוּם פוּן אֵיין פַארְזִיכֶערְטֶען
פַארְשְׁטַאנְד, זֵייא זָאלֶען דֶערְקֶענֶען
דָאס גֶעהֵיימְנִים פוּן גָאט אוּנְד פוּן
דֶעם פָאטֶער, אוּנְד פוּן מָשִׁיחַ:
3 אִין וֶועלְכֶען עֶס זֶענֶען פַארְבָּארְגֶען
אַלֶע אוֹצָרוֹת פוּן ווֵייזְהֵייט אוּנְד פוּן
ווִיסֶענְשַׁאפְט:
4 אוּנְד דָאס זָאג אִיךְ, אַז קֵיינֶער
זָאל אֵייךְ נִיט בֶּעטְרִיגֶען מִיט ווֵייכֶע
רֵייד:
5 וָוארִין הָאטְשֶׁע אִיךְ בִּין נִיט בֵּייא
אֵייךְ אִין דֶעם לֵייבּ בִּין אִיךְ דָאךְ בֵּייא
אֵייךְ אִין דֶעם גֵייסְט, אוּנְד אִיךְ פְרֵייעֶ
מִיךְ צוּ זֶעהֶען אֵייעֶרֶע אָרְדֶענוּנְג, אוּנְד
דִיא פֶעסְטִיגְקֵייט פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען
אִין מָשִׁיחַ:
6 דְרוּם ווִיא אִיהְר הָאט אָנְגֶענוּמֶען
דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אַזוֹי וַואנְדֶעלְט
אִין אִיהְם:
7 אוּנְד זֵייט אֵיינְגֶעוָוארְצֶעלְט אוּנְד
אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט אִין אִיהְם, אוּנְד בֶּעפֶעסְ־
טִיגְט אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען אַזוֹי ווִיא אִיהְר
הָאט גֶעלֶערֶענְט, אוּנְד מֶעהְרְט אֵייךְ
דְרִינֶען מִיט לוֹיבּ:
8 זֶעהְט אַז קֵיינֶער זָאל אֵייךְ נִיט
בֶּערוֹיבֶּען דוּרְךְ פִילָאזָאפִי אוּנְד פַאלְשֶׁע
פַארְפִירוּנְג, נָאךְ דִיא תְּקוּנִים פוּן מֶענְ־
שֶׁען, נָאךְ דֶעם סֵדֶר פוּן דֶער וֶועלְט,
אוּנְד נִיט נָאךְ מָשִׁיחַ:
9 וָוארִין אִין אִיהְם ווְאוֹינְט דִיא גַאנְצֶע
פוּלְהֵייט פוּן גָאט לֵייבְּהַאפְטִיג:
10 אוּנְד אִיהְר זֶענְט דֶערְפִילְט אִין
אִיהְם, וָואס אִיז דָאס הוֹיפְּט פוּן אַלֶער
הֶערְשַׁאפְט אוּנְד מַאכְט:
11 אוּנְד אִין אִיהְם זֶענְט אִיהְר אוֹיךְ
בֶּעשְׁנִיטֶען מִיט דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג וָואס
גֶעשֶׁעהְט אָהְן הֶענְד, מִיט דֶעם אוֹיס
טְהוּן פוּן דֶעם זִינְדִיגֶען לֵייבּ פוּן פְלֵייש
דוּרְךְ דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג פוּן מָשִׁיחַ:
12 אוּנְד אִיהְר זֶענְט מִיט אִיהְם בֶּעְ־
גְרָאבֶּען אִין דֶער טוֹיפֶע, אִין וֶועלְכֶער
אִיהְר זֶענְט אוֹיךְ מִיט אִיהְם אוֹיפְ־
גֶעשְׁטַאנֶען דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן דֶעם


ווערק

װֶערְק פוּן גָאט, װָאס הָאט אִיהְם אויף גֶעװֶעקְט פוּן דֶעם טויט׃

13 אוּנְד אֵייךְ, װָאס אִיהְר זֶענְט טויט גֶעװֶעזֶען אִין אֵייעֶרֶע זִינְדֶען אוּנְד אִין דֶער אוּנְבֶּעשְׁנֵיידוּנְג פוּן אֵייעֶר פְלֵייש, הָאט עֶר לֶעבֶּעדִיג גֶעמַאכְט מִיט אִיהְם, װֶען עֶר הָאט אֵייךְ פַארְגֶעבֶּען אַלֶע שוּלְדֶען׃

14 אוּנְד עֶר הָאט אויסְגֶעמֶעקְט דִיא הַאנְדשְׁרִיפְט פוּן דִיא גֶעזֶעצֶען װָאס װַאר קֶעגֶען אוּנְס אוּנְד װַאר אוּנְס דֶערְװִידֶער, אוּנְד עֶר הָאט עֶס אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אוֹיס דֶער מִיטֶען אוּנְד הָאט עֶס אָנְגֶענֶעגֶעלְט צוּם קְרֵייץ׃

15 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוֹיבְּט הֶערְשַׁאפְטֶען אוּנְד מֶעכְטֶען אוּנְד הָאט עֶס עֶפֶענְטלִיךְ גֶעװִיזֶען, אוּנְד הָאט דָארוּךְ גֶעזִיגְט אִיבֶּער זֵייא׃

16 דְרוּם לָאז אֵייךְ קֵיינֶער נִיט רִיכְטֶען װֶעגֶען עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען, אָדֶער װֶעגֶען יָמִים טוֹבִים אָדֶער חֳדָשִׁים אָדֶער שַׁבָּתוֹת׃

17 װָאס זֶענֶען אֵיין שָׁאטֶען פוּן דֶעם װָאס קוּמְט נָאךְ, אָבֶּער דֶער לֵייבּ אִיז פוּן מָשִׁיחַ׃

18 לָאז אֵייךְ קֵיינֶער נִיט אִיבֶּערְרֶעדֶען מִיט אֵיין בֶּעװִילִיגְטֶער נִידֶערִיגְקֵייט אוּנְד מִיט דֶעם דִינְסְט פוּן מַלְאָכִים, װָאס גִיבְּט זִיךְ אָפּ מִיט דֶעם װָאס עֶר הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד אִיז אוּמְזוּסְט אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען בַּייא זֵיין פְלֵיישְׁלִיכֶען פַארְשְׁטַאנְד׃

19 אוּנְד װָאס הַאלְט נִיט דָאס הוֹיפְּט, פוּן װֶעלְכֶען דֶער גַאנְצֶער לֵייבּ װֶערְט גֶענֶעהְרְט אוּנְד בֶּעפֶעסְטִיגְט דוּרְךְ גֶעלֶענְק אוּנְד פַארְבִּינְדוּנְג, אוּנְד װַאקְסְט מִיט אֵיין גֶעטְלִיכֶען גֶעװִיקְס׃

20 דְרוּם װֶען אִיהְר זֶענְט גֶעשְׁטָארְבֶּען מִיט מָשִׁיחַ פוּן דֶעם סֵדֶר פוּן דֶער װֶעלְט, װָארוּם הַאלְט אִיהְר דִיא גֶעזֶעצֶען גְלֵייךְ אִיהְר הֶעט גֶעלֶעבְּט אִין דֶער װֶעלְט׃

21 רִיר נִיט אָן, פַארְזִיךְ נִיט, גֶעם נִיט אִין דֶער הַאנְד אַרֵיין׃

22 װָאס װֶערְט אַלֶעס פַארְלוֹירֶען מִיט דֶעם נִיצֶען; נָאךְ דִיא גֶעבָּאטֶען אוּנְד לֶעהְרֶען פוּן מֶענְשֶׁען׃

23 װָאס הָאט װְאוֹיל אֵיין שֵׁיין פוּן װֵייזְהֵייט דוּרְךְ אֵיין בֶּעװִילִיגְטֶען דִינְסְט אוּנְד נִידֶערִיגְקֵייט, אוּנְד דוּרְךְ דֶעם װָאס זֵייא פַארְשׁוֹינֶען נִיט דֶעם לֵייבּ, אוּנְד נִיט מִיט כָּבוֹד דָאס פְלֵייש צוּ זֶעטִיגֶען׃

## קאפיטעל ג

1 װֶען אִיהְר זֶענְט נוּן אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען מִיט מָשִׁיחַ, זוּכְט דִיא זַאכֶען װָאס זֶענֶען אוֹיבֶען, װְאוּ מָשִׁיחַ זִיצְט צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן גָאט׃

2 טְרַאכְט נָאךְ דֶעם װָאס אִיז אוֹיבֶען, נִיט נָאךְ דֶעם װָאס אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד׃

3 װָארִין אִיהְר זֶענְט גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד אֵייעֶר לֶעבֶּען אִיז פַארְבָּארְגֶען מִיט מָשִׁיחַ אִין גָאט׃

4 אוּנְד װֶען מָשִׁיחַ װָאס אִיז אוּנְזֶער לֶעבֶּען װֶעט אַנְטפְּלֶעקְט װֶערֶען, אַזוֹי װֶעט אִיהְר אוֹיךְ מִיט אִיהְם אַנְטפְּלֶעקְט װֶערֶען אִין הֶערְלִיכְקֵייט׃

5 דְרוּם זָאלְט אִיהְר טֵייטֶען אֵייעֶרֶע גְלִידֶער װָאס זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד; הוּרֶערֵייא, אוּמְרֵיינִיגְקֵייט, גְלִיסְטוּנְג, בֵּייזֶע לוּסְט, אוּנְד גֵייצִיגְקֵייט, װָאס אִיז אָפְּגֶעטֶערֵייא׃

6 דוּרְךְ װֶעלְכֶען דֶער צָארְן פוּן גָאט

קוּמְט אִיבֶּער דִיא װִידֶערשְׁפֶּענִיגֶע קִינְדֶער ׃

7 אִין װֶעלְכֶע זַאכֶען אִיהְר הָאט אוֹיךְ אַמָאל גֶעװַאנְדֶעלְט, װֶען אִיהְר הָאט דְרִינֶען גֶעלֶעבְּט ׃

8 אָבֶּער אַצוּנְד לֵייגְט אִיהְר אוֹיךְ אַװֶעק דָאס אַלֶעס; צָארְן, גְרִים, בּוֹיזְהֵייט, לֶעסְטֶערוּנְג, אוּנְד שֶׁענְדְלִיכֶע רֵייד פוּן אֵייעֶר מוֹיל ׃

9 זָאגְט נִיט קֵיין לִיגֶען אוּנְטֶער אַנַאנְדֶער, װָארִין אִיהְר הָאט אוֹיסְגֶעצְטָהוּן דֶעם אַלְטֶען מֶענְשׁ מִיט זַיינֶע מַעֲשִׂים ׃

10 אוּנְד הָאט אָנְגֶעטְהוּן דֶעם נֵייעֶם מֶענְשׁ, װָאס אִיז דֶערְנֵייעֶרְט אִין װִיסֶענְשַׁאפְט נָאךְ דֶער גֶעשְׁטַאלְט פוּן אִיהְם װָאס הָאט אִיהְם בֶּעשַׁאפֶען ׃

11 װָאוּ עֶס אִיז נִיט פַארְהַאנְדֶען קֵיין יָוָן אוּנְד קֵיין יְהוּדָה, קֵיינֶע בֶּעשְׁנֵיידוּנְג אוּנְד קֵיינֶע אוּמְבֶּעשְׁנֵיידוּנְג, קֵיין פְּרֶעמְדֶער אוּנְד קֵיין סְקוּטֶער, קֵיין קְנֶעכְט אוּנְד קֵיין פְרֵייעֶר מֶענְשׁ, נֵייעֶרְט מָשִׁיחַ אִיז אַלֶעס אוּנְד אִין אַלֶעס ׃

12 דְרוּם טְהוּט אָן װִיא דִיא אוֹיסְדֶערְװֶעהְלְטֶע פוּן גָאט, הֵיילִיגֶע אוּנְד גֶעלִיבְּטֶע, בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט, פְרֵיינְדלִיכְקֵייט, אֵיין נִידְרִיג גֶעמִיט, זַאנְפְטמוּטִיגְקֵייט, אוּנְד לַאנְגמוּטִיגְקֵייט ׃

13 פַארְטְרָאגְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶן אוּנְד פַארְגִיבְּט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶן, װֶען אֵיינֶער הָאט עֶפֶּעס אֵיין פַארקְלָאג קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערֶן; אוּנְד אַזוֹי װִיא מָשִׁיחַ הָאט אֵייךְ פַארְגֶעבֶּען, אַזוֹי טְהוּט אוֹיךְ אִיהְר ׃

14 אוּנְד אִיבֶּער אַלֶעס דִיזֶען טְהוּט אָן לִיבְּשַׁאפְט, װָאס אִיז דָאס בַּאנְד פוּן גאַנְצְהֵייט ׃

15 אוּנְד לָאז דֶער פְרִידֶען פוּן גָאט הֶערְשֶׁען אִין אֵיירֶע הֶערְצֶער, צוּ װֶעלְכֶען אִיהְר זֶענְט אוֹיךְ בֶּערוּפֶען אִין אֵיין לֵייבּ, אוּנְד דַאנְקְט גָאט ׃

16 לָאז דָאס װָארְט פוּן מָשִׁיחַ רֵייכְלִיךְ אִין אֵייךְ װְאוֹינֶען, אִין אַלֶער װֵייזְהֵייט; אוּנְד לֶעהְרְט אוּנְד װָארֶענְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן אִין מִזְמוֹרִים אוּנְד גֶעזֶענְג, אוּנְד גֵייסְטלִיכֶע לִידֶער, אוּנְד זִינְגְט מִיט גְנָאד אִין אֵייעֶר הַארְץ צוּ דֶעם הַאר ׃

17 אוּנְד אַלֶעס װָאס אִיהְר טְהוּט אִין װָארְט אָדֶער אִין װֶערְק, טְהוּט אַלֶעס אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, אוּנְד דַאנְקְט גָאט אוּנְד דֶעם פָאטֶער דוּרְךְ אִיהְם ׃

18 אִיהְר װֵייבֶּער, זַייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ אֵיירֶע מֶענֶער, װִיא עֶס קֶעהְר צוּ זַיין אִין דֶעם הַאר ׃

19 אִיהְר מֶענֶער, לִיבְּט אֵיירֶע װֵייבֶּער, אוּנְד זַייט נִיט עֶרְבִּיטֶערְט קֶעגֶען זַייא ׃

20 אִיהְר קִינְדֶער, גֶעהָארְכְט אֵיירֶע עֶלְטֶערְן אִין אַלֶעס; װָארִין דָאס אִיז װָאוֹיל גֶעפַאלִיג צוּ דֶעם הַאר ׃

21 אִיהְר פֶּעטֶער, דֶערְצֶערְנְט נִיט אֵיירֶע קִינְדֶער, אַז זַייא זָאלֶען נִיט דֶעם מוּטְה פַארְלִירֶען ׃

22 אִיהְר קְנֶעכְט זַייט אִין אַלֶעס אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ אֵיירֶע לֵייבְּלִיכֶע הַארֶען, נִיט מִיט אוֹיגֶען דִינְסְט כְּדֵי מֶענְשֶׁען צוּ גֶעפַאלֶען, נֵייעֶרְט מִיט אֵיין רֵיין הַארְץ, אוּנְד מִיט גָאט'ס פוּרְכְט ׃

23 אוּנְד אַלֶעס װָאס אִיהְר טְהוּט, טְהוּט עֶס מִיט אֵייעֶר גַאנְצֶען גֶעמִיט

וויא צום האר אונד ניט צו מענשען:

24 ווארין איהר ווייסט אז איהר וועט אנטפאנגען פון דעם האר דעם שכר פון דער ירושה, ווארין איהר דינט דעם האר משיח:

25 אבער דער וואס טהוט אומרעכט וועט אנטפאנגען פאר דעם וואס ער האט אומרעכט געטהון, אונד עס איז ניט פערהאנדען קיין נשיאות פנים:

## קאפיטעל ד

1 איהר הארען, בעהאנדעלט אייערע קנעכט וויא עס איז רעכט אונד גלייך, ווארין איהר ווייסט אז איהר האט אויך איין האר אין דעם הימעל:

2 זייט בעשטענדיג אים געבעט, אונד וואכט דרינען מיט דאנק:

3 אונד בעטעט אויך פאר אונס, אז גאט זאל אונס עפענען די טיער פון רעדען, אז מיר זאלען רעדען דאס געהיימניס פון משיח, פאר וועלכען איך בין אויך געבונדען:

4 אז איך זאל עס אנטפלעקען, אזוי וויא איך קעהר צו רעדען:

5 האנדעלט מיט וויזהייט מיט די וואס זענען פון דרויסען, אונד קויפט אפ די צייט:

6 לאז אייערע רייד שטענדיג זיין מיט חן, געזאלצען מיט זאלץ, אז איהר זאלט וויסען וויא איהר קעהרט איט־ליכען צו ענטפערן:

7 טיכיקוס, איין געליבטער ברודער אונד געטרייער דינער אונד איין קנעכט מיט מיר אין דעם האר, וועט אייך אלעס צו וויסען טהון וויא עס גייט מיר:

8 וועלכען איך האב צו אייך פון דעסטוועגען געשיקט, אז ער זאל וויסען וויא עס גייט אייך, אונד אז ער זאל אייער הארץ טרייסטען:

9 מיט אונסימוס, איין געטרייער אונד געליבטער ברודער, וואס איז פון אייערע לייט, זייא וועלען אייך צו וויסען טהון אלעס וואס טהוט זיך היר:

10 אריסטארכוס וואס איז מיט מיר געפאנגען גריסט אייך, אונד מרקוס דער שוועסטערס זוהן פון בר־נבא, איבער וועלכען איהר האט דערהאל־טען בעפעהלען, (ווען ער וועט צו אייך קומען, אנטפאנגט איהם):

11 אונד ישוע וואס ווערט גערופען יוסטוס, וואס זענען פון דער בע־שניידונג, דיזע זענען מיינע איינציגע העלפערס צום קעניגרייך פון גאט, אונד זייא זענען צו מיר איין טרייסט געוועזען:

12 עפאפראס גריסט אייך, וואס איז איין קנעכט פון משיח פון צווישען אייך, אונד ער שטארקט זיך שטענדיג פאר אייך אים געבעט, אז איהר זאלט שטיין בלייבען גאנץ אונד דערפילט מיט דעם גאנצען ווילען פון גאט:

13 ווארין איך זאג איהם עדות אז ער איז זעהר אייפריג פאר אייך, אונד פאר די וואס זענען אין לאודקיא, אונד פאר די וואס זענען אין היעראפאליס:

14 לוקאס דער בעליבטער דאקטאר אונד דעמאס גריסען אייך:

15 גריסט די ברידער וואס זענען אין לאודקיא, אונד נומפא אונד די געמיינדע וואס איז אין זיין הויז:

16 אונד ווען דיזער בריף וועט בייא אייך געליינט ווערען, זעהט אז ער

זָאל אויךְ גֶעלֵיינְט וֶוערֶען אִין דֶער
גֶעמֵיינְדֶע פוּן לָאוֹדִקְיָא, אוּנְד אַז אִיהְר
זָאלְט אויךְ לֵיינֶען דֶעם בְּרִיף פוּן
לָאוֹדִקְיָא:
17 אוּנְד זָאגְט צוּ אַרְכִיפּוּס, גִיבּ אַכְט
טוּנְג צוּם דִינְסְט וָואס דוּא הָאסְט
דֶערְהַאלְטֶען אִין דֶעם הַאר, אַז דוּא
זָאלְסְט עֶס דֶערְפִילֶען:
18 אַיין גְרִים מִיט מֵיינֶע הַאנְד, פוּן
מִיר פּוֹלוֹס. גֶעדֶענְקְט אָן מֵיינֶע קֵייטֶען,
גְנָאד זַייא מִיט אֵייךְ, אָמֵן:

געשריבען צו דיא קאלאסער פון רוים דורך טיכיקוס אונד אונסימוס.

# דֶער עֶרשְׁטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פּוֹלוֹס צוּ דִיא טֶעסַאלוֹנִיקֶער.

1 פּוֹלוֹס, אוּנְד סוֹלְוַאנוּס, אוּנְד
טִימָאטֶעאוּס, צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע פוּן
טֶעסַאלוֹנִיקָא, אִין גָאט דֶעם פָאטֶער
אוּנְד אִין דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ,
גְנָאד זַייא מִיט אֵייךְ, אוּנְד פְרִידֶען
פוּן גָאט אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְד פוּן
דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:
2 מִיר דַאנְקֶען גָאט שְׁטֶענְדִיג פַאר
אֵייךְ אַלֶע, אוּנְד מִיר גֶעדֶענְקֶען אֵייךְ
אִין אוּנְזֶערֶע גֶעבֶּעטֶע:
3 וָוייל מִיר גֶעדֶענְקֶען אָהְן אוֹיפְהֶערֶע
דָאס וֶוערְק פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, אוּנְד
דִיא אַרְבֵּייט פוּן אֵייעֶרֶע לִיבְּשַׁאפְט,
אוּנְד דִיא גֶעדוּלְד פוּן אֵייעֶרֶע הָאפְנוּנְג
אִין אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, צוּ
פַאר גָאט אוּנְד אוּנְזֶער פָאטֶער:
4 אוּנְד מִיר וִויסֶען, גֶעלִיבְּטֶע בְּרִידֶער,
אַז אִיהְר זֶענְט אוֹיסְדֶערְוֶוויילְט פוּן
גָאט:
5 וָוארִין אוּנְזֶער עֶוַואנְגֶעלִיוּם אִיז צוּ
אֵייךְ נִיט גֶעקוּמֶען בְּלוֹיז מִיט רֵייד,
נֵייעֶרְט אויךְ מִיט מַאכְט אוּנְד מִיט
דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּנְד מִיט פִיל פַארְ־
זִיכֶערוּנְג; וַוייא אִיהְר וֵוייסְט וָואס פַאר
לֵייט מִיר זֶענֶען צְוִוישֶׁען אֵייךְ גֶע־
וֶועזֶען פוּן אֵייעֶרְט וֶועגֶען:
6 אוּנְד אִיהְר זֶענְט גֶעוָוארֶען נָאכְ־
פָאלְגֶערְס פוּן אוּנְס אוּנְד פוּן דֶעם
הַאר, וֶוען אִיהְר הָאט אַנְטְפַאנְגֶען דָאס
וָוארְט אִין גְרוֹיס לֵיידֶען, מִיט פְרֵייד
פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:
7 בִּיז אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען אַיין בֵּייְ־
שְׁפִּיל צוּ אַלֶע וָואס גְלֵייבֶּען אִין
מַקְדוֹנְיָא אוּנְד אַכַאיָא:
8 וָוארִין פוּן אֵייךְ אִיז דָאס וָוארְט
פוּן דֶעם הַאר גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען נִיט
אַלֵיין אִין מַקְדוֹנְיָא אוּנְד אַכַאיָא, נֵייְ־
עֶרְט אִין אִיטְלִיכֶען אָרְט אִיז אֵייעֶר
גְלוֹיבֶּען צוּ גָאט פַארְבְּרֵייטֶעט, אוּנְד
מִיר בֶּעדַארְפֶען דֶערְפוּן גָארְנִיט צוּ
רֶעדֶען:
9 וָוארִין זַייא זֶעלְבְּסְט דֶערְצֵיילֶען

וָועגֶען אוּנְס וָואס פַאר אַיין אַיינְגַאנְג מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעהַאט, אוּנְד וִויא אִיהְר הָאט אֵייךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט פוּן אָפְּגֶעטֶער צוּ גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט דִינֶען דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען אוּנְד וָואהְרֶען גָאט:

10 אוּנְד זָאלְט וַוארְטֶען אוֹיף זֵיין זוּהְן פוּן הִימֶעל, וֶועלְכֶען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דֶעם טוֹיט, אוֹיף יֵשׁוּעַ, וָואס הָאט אוּנְס מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם צָארְן וָואס וֶועט קוּמֶען:

## קאפיטעל ב

1 וָוארִין אִיהְר ווייסְט זֶעלְבְּסְט, בְּרִידֶער, אוּנְזֶער אֵיינְגַאנְג צוּ אֵייךְ, אַז עֶס אִיז נִיט אוּמְזָאנְסְט גֶעוֶועזֶען:

2 נֵייעֶרְט נָאךְ דֶעם וִויא מִיר הָאבֶּען פְּרִיר גֶעלִיטֶען אוּנְד זֶענֶען פַארְשֶׁעמְט גֶעוָוארֶען אִין פִילִיפִּי, וִויא אִיהְר ווייסְט, זֶענֶען מִיר פְרֵייא גֶעוֶועזֶען אִין אוּנְזֶער גָאט מִיר זָאלֶען צוּ אֵייךְ רֶעדֶען דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם פוּן גָאט מִיט פִיל שְׁטְרֵייט:

3 וָוארִין אוּנְזֶערֶע וָוארְנוּנְג אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען מִיט פַארְפִירֶענִים, אוּנְד נִיט מִיט אוּמְרֵיינִיגְקֵייט, אוּנְד נִיט מִיט פַאלְשְׁהֵייט:

4 נֵייעֶרְט וִויא מִיר זֶענֶען וֶוערְט גֶע־וֶועזֶען פוּן גָאט עֶר זָאל אוּנְס אָנְפֶּערְ־טְרוֹיעֶן דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם, אַזוֹי רֶעדֶען מִיר, נִיט כְּדֵי מֶענְשֶׁען צוּ גֶעפַאלֶען, נֵייעֶרְט גָאט, וָואס פְּרוּפְט אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער:

5 אוּנְד מִיר הָאבֶּען קֵיין מָאל נִיט בֶּענוּצְט קֵיינֶע שְׁמֵייכֶעלְדִיגֶע רֵייד, וִויא אִיהְר ווייסְט, אוּנְד אוֹיךְ נִיט קֵיין אוֹיס־רֵייד פַאר גֵייצִיקֵייט; גָאט אִיז מֵיין עֵדוּת:

6 אוּנְד מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ נִיט גֶעזוּכְט קֵיין כָּבוֹד פוּן מֶענְשֶׁען, נִיט פוּן אֵייךְ אוּנְד אוֹיךְ נִיט פוּן אַנְדֶערֶע לֵייט, וֶוען מִיר הָאבֶּען אֵייךְ גֶעקֶענְט בֶּע־שְׁוֶוערְלֶעךְ זֵיין וִויא אַפָּאסְטֶעלְם פוּן מָשִׁיחַ:

7 נֵייעֶרְט מִיר וַוארֶען קְלֵיין צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אַזוֹי וִויא אֵיינֶע זֵייגֶערֶען דֶערְ־צִיהְט אִיהְרֶע קִינְדֶער:

8 אוּנְד ווייל מִיר הָאבֶּען אֵייךְ אַזוֹי הֶערְצְלִיךְ גֶעלִיבְּט, זֶענֶען מִיר בַּאווִילִיגְט גֶעוֶועזֶען מִיר זָאלֶען אֵייךְ אִיבֶּער־גֶעבֶּען נִיט אַלֵיין דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם פוּן גָאט, נֵייעֶרְט אוֹיךְ אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע נְשָׁמוֹת, וָוארִין אִיהְר זֶענְט אוּנְס גֶעלִיבְּט גֶע־וֶועזֶען:

9 וָוארִין אִיהְר גֶעדֶענְקְט, בְּרִידֶער, אוּנְזֶערֶע אַרְבֵּייט אוּנְד מִיה, וָוארִין מִיר הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט טָאג אוּנְד נַאכְט אַז מִיר זָאלֶען קֵיינֶעם פוּן אֵייךְ נִיט בֶּע־שְׁוֶוערְלֶעךְ זֵיין, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם פוּן גָאט:

10 אִיהְר זֶענְט עֵדוּת אוּנְד אוֹיךְ גָאט, וִויא מִיר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען הֵיילִיג אוּנְד גֶערֶעכְט אוּנְד אָהְן אַיין פֶעהְלֶער צְוִוישֶׁען אֵייךְ וָואס גְלֵייבֶּען:

11 וִויא אִיהְר ווייסְט אַז מִיר הָאבֶּען גֶעוָוארֶענְט אוּנְד גֶעטְרֵייסְט אִיטְלִיכֶען פוּן אֵייךְ, וִויא אַיין פָאטֶער זֵיינֶע קִינְדֶער:

12 אוּנְד הָאבֶּען בֶּעצֵייגְט אַז אִיהְר זָאלְט וַואנְדְלֶען וִויא עֶס קֶעהְר צוּ זֵיין צוּ פַאר גָאט, וָואס הָאט אֵייךְ בֶּע־רוּפֶען צוּ זֵיין קֶענִיגְרֵייךְ אוּנְד הֶערְ־לִיכְקֵייט:

13 דְרוּם דַאנְקֶען מִיר אוֹיךְ גָאט אָהְן אוֹיפְהֶער, ווייל וֶוען אִיהְר הָאט פוּן אוּנְס אַנְטְפַאנְגֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט

וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט, הָאט אִיהְר עֶס אָנְגֶענוּמֶען נִיט וִויא דָאס וָוארְט פוּן מֶענְשֶׁען, נֵייעֶרְט וִויא עֶס אִיז אִין דֶער וָוארְהֵייט, דָאס וָוארְט פוּן גָאט, וָואס וִוירְקְט אוֹיךְ אִין אֵייךְ וָואס גְלֵייבֶּען׃

14 וָוארִין אִיהְר, בְּרִידֶער, זֶענְט גֶעוָוארֶען נָאכְגֶעפָאלְגֶערְס פוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶען פוּן גָאט וָואס זֶענֶען אִים לַאנְד יְהוּדָה אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ; וָוארִין אִיהְר הָאט אוֹיךְ דָאס זֶעלְבִּיגֶע גֶעלִיטֶען פוּן אֵייעֶרֶע לַאנְדסלֵייט, וִויא זֵייא הָאבֶּען גֶעלִיטֶען פוּן דִיא יוּדֶען׃

15 וָואס הָאבֶּען אוֹיךְ אוּמְגֶעבְּרַאכְט דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, אוּנְד זֵיירֶע אֵייגֶענֶע נְבִיאִים, אוּנְד הָאבֶּען אוּנְס גֶעיָאגְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גָאט נִיט וְואוילְגֶעפַאלֶען, אוּנְד זֶענֶען דֶערְוִוידֶער אַלֶע מֶענְשֶׁען׃

16 אוּנְד זֵייא פַארְוָועהרֶען אוּנְס צוּ רֶעדֶען צוּ דִיא גוֹיִם אַז זֵייא זָאלֶען זֶעלִיג וֶוערֶען, דָאס זֵייא זָאלֶען תָּמִיד פֶערְפִילֶען זֵיירֶע זִינְדֶען, אוּנְד דֶער צָארְן אִיז אִיבֶּער זֵייא גֶעקוּמֶען בִּיז צוּם לֶעצְטֶען׃

17 אָבֶּער מִיר, בְּרִידֶער, וֶוען מִיר זֶענֶען פוּן אֵייךְ בֶּערוֹיבְּט גֶעוָוארֶען פַאר אֵיין צֵייט אִין פָּנִים, נִיט אִין הַארְץ, הָאבֶּען מִיר זִיךְ זֶעהְר גֶעאֵיילְט מִיט פִיל פַארְלַאנְגֶען מִיר זָאלֶען זֶעהֶען אֵייעֶר פָּנִים׃

18 דְרוּם הָאבֶּען מִיר גֶעוָואלְט צוּ אֵייךְ קוּמֶען, (אִיךְ פּוֹלוּס) אֵיין מָאל אוּנְד דָאס צְוֵוייטֶע מָאל, אָבֶּער דֶער שָׂטָן הָאט אוּנְס גֶעהִינְדֶערְט׃

19 וָוארִין וָואס אִיז אוּנְזֶערֶע הָאפְנוּנְג, אָדֶער אוּנְזֶערֶע פְרֵייד, אָדֶער דִיא קְרוֹין פוּן אוּנְזֶער בְּרִיהְמֶען? זֶענְט אִיהְר דָאס נִיט, צוּ פַאר אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ בֵּייא זֵיין קוּמֶען?

20 וָוארִין אִיהְר זֶענְט אוּנְזֶער כָּבוֹד אוּנְד אוּנְזֶערֶע פְרֵייד׃

## קאפיטעל ג

1 דְרוּם וֶוען מִיר הָאבֶּען עֶס נִיט מֶעהְר גֶעקֶענְט דֶערְטְרָאגֶען, אִיז עֶס אוּנְס גֶעפַאלֶען מִיר זָאלֶען אַלֵיין בְּלֵייבֶּען אִין אַטֶענְס׃

2 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט טִימָאטֶעוּס אוּנְזֶער בְּרוּדֶער אוּנְד דִינֶער פוּן גָאט אוּנְד אוּנְזֶער הֶעלְפֶער אִין דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם פוּן מָשִׁיחַ, אַז עֶר זָאל אֵייךְ שְׁטַארְקֶען אוּנְד זָאל אֵייךְ טְרֵייסְטֶען וֶועגֶען אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען׃

3 אַז קֵיינֶער זָאל נִיט בֶּעוֶועגְט וֶוערֶען דוּרְךְ דִיזֶע לֵיידֶען, וָוארִין אִיהְר וֵוייסְט זֶעלְבְּסְט אַז מִיר זֶענֶען גֶעזֶעצְט דֶערְצוּ׃

4 וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען בֵּייא אֵייךְ גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען מִיר אֵייךְ פְרִיר אוֹיסְגֶעזָאגְט אַז מִיר וֶועלֶען לֵיידֶען, וִויא עֶס אִיז אוֹיךְ גֶעשֶׁעהֶען אוּנְד וִויא אִיהְר וֵוייסְט׃

5 דָארוּם וֶוען אִיךְ הָאבּ עֶס נִיט מֶעהְר גֶעקֶענְט דֶערְטְרָאגֶען, הָאבּ אִיךְ גֶעשִׁיקְט אוּם אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען צוּ וִויסֶען, וָוארִין טָאמֶער וֶועט אֵייךְ דֶער פְּרוּפֶער פְּרוּפֶען, אוּנְד מֵיינֶע אַרְבֵּייט וֶועט אוּמְזָאנְסְט זֵיין׃

6 אָבֶּער אַצוּנְד אִיז טִימָאטֶעוּס צוּ אוּנְס פוּן אֵייךְ גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט אוּנְס דֶערְצֵיילְט פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען אוּנְד לִיבְּשַׁאפְט, אוּנְד אַז אִיהְר גֶעדֶענְקְט אוּנְס שְׁטֶענְדִיג צוּם גוּטֶען אוּנְד וִוינְשְׁט אוּנְס צוּ זֶעהֶען, אַזוֹי וִויא מִיר וִוינְשֶׁען אֵייךְ אוֹיךְ צוּ זֶעהֶען׃

7 דָארוּם, בְּרִידֶער, זֶענֶען מִיר װֶעגֶען אֵייךְ גֶעטְרֵייסְט גֶעװָארֶען אִין אַלֶע אוּנְזֶערֶע לֵיידֶען אוּנְד נוֹיט, דוּרְךְ אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען:

8 װָארִין אַצוּנְד לֶעבֶּען מִיר װֶען אִיהְר שְׁטֵייט פֶעסְט אִין דֶעם הַאר:

9 װָארִין װָאס פַאר אֵיין דַאנְק קֶענֶען מִיר אָפּגֶעבֶּען צוּ גָאט פַאר אֵייךְ, פַאר אַלֶע פְרֵייד מִיט װֶעלְכֶער מִיר פְרֵייעֶן זִיךְ פַאר גָאט פוּן אֵייעֶרְט װֶעגֶען:

10 אוּנְד מִיר בֶּעטֶען זֶעהְר טָאג אוּנְד נַאכְט אַז מִיר זָאלֶען זֶעהֶען אֵייעֶר פָּנִים, אוּנְד זָאלֶען דֶערְגֶענְצֶען דָאס װָאס פֶעהְלְט אִין אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען:

11 אוּנְד מֶעג גָאט זֶעלְבְּסְט אוּנְד אוּנְזֶער פָאטֶער, אוּנְד אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְס פִירֶען אִין דֶעם װֶעג צוּ אֵייךְ:

12 אוּנְד מֶעג אֵייךְ דֶער הַאר גֶעבֶּען אִיהְר זָאלְט צוּנֶעמֶען אוּנְד זָאלְט אֵייךְ מֶעהְרֶען אִין לִיבְּשַׁאפְט אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן אוּנְד צוּ אַלֶע, אַזוֹי װִיא מִיר זֶענֶען צוּ אֵייךְ:

13 אַז עֶר זָאל אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער בֶּע־פֶעסְטִיגֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען זֵיין אָהְן פֶעהְלֶער אִין הֵיילִיגְקֵייט צוּ פַאר גָאט אוּנְד אוּנְזֶער פָאטֶער, װֶען אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, װֶעט קוּמֶען מִיט אַלֶע זֵיינֶע הֵילִיגֶע:

## קאפיטעל ד

1 אַצוּנְד בְּרִידֶער, בֶּעטֶען מִיר אֵייךְ אוּנְד װָארְנֶען אֵייךְ אִין דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, אַזוֹי װִיא אִיהְר הָאט פוּן אוּנְס אַנְטְפַאנְגֶען װִיא אַזוֹי אִיהְר קֶעהְרְט צוּ װַאנְדְלֶען אוּנְד גָאט צוּ גֶעפַאלֶען, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אֵייךְ דְרִינֶען זֵייעֶר מֶעהְרֶען:

2 װָארִין אִיהְר װֵייסְט װָאס פַאר גֶעבָּאטֶען מִיר הָאבֶּען אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ:

3 װָארִין דָאס אִיז דֶער װִילֶען פוּן גָאט, אֵייעֶרֶע הֵיילִיגְקֵייט, אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ אָפְּהַאלְטֶען פוּן זְנוּת:

4 אַז אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ זָאל װִיסֶען זֵיין כְּלִי צוּ בֶּעהַאלְטֶען אִין הֵיילִיגְקֵייט אוּנְד אִין כָּבוֹד:

5 נִיט מִיט פַארְשֵׁייטֶער גְלוּסְטִיגְקֵייט, אַזוֹי װִיא דִיא גוֹיִם װָאס קֶענֶען נִיט גָאט:

6 אוּנְד אַז קֵיינֶער זָאל נִיט אִיבֶּער־טְרֶעטֶען אוּנְד זָאל זֵיין בְּרוּדֶער נִיט נַארֶען אִין קֵיין זַאךְ; װָארִין דֶער הַאר אִיז זִיךְ נוֹקֵם אִיבֶּער זָאלְכֶע אַלֶע, אַזוֹי װִיא מִיר הָאבֶּען אֵייךְ פְרִיעֶר גֶע־װָארֶענְט אוּנְד בֶּעצֵייגְט:

7 װָארִין גָאט הָאט אוּנְס נִיט בֶּערוּ־פֶען צוּ אוּמְרֵיינִיגְקֵייט, נֵייעֶרְט צוּ הֵיילִיגְקֵייט:

8 דְרוּם דֶער װָאס פַארְשֶׁעמְט, דֶער פַארְשֶׁעמְט נִיט אֵיין מֶענְשׁ, נֵייעֶרְט גָאט װָאס הָאט אוּנְס אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען זֵיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:

9 אוּנְד װֶעגֶען בְּרִידֶערְלִיכֶע לִיבְּשַׁאפְט בֶּעדַארְפְט אִיהְר נִיט אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ שְׁרֵייבֶּען; װָארִין אִיהְר זֶעלְבְּסְט זֶענְט גֶעלֶעהְרְט פוּן גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן לִיבֶּען:

10 אוּנְד אִיהְר טְהוּט עֶס אוֹיךְ צוּ אַלֶע בְּרִידֶער װָאס זֶענֶען אִין גַאנְץ מַקְדוֹנְיָא, אָבֶּער מִיר בֶּעטֶען אֵייךְ בְּרִידֶער, אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ דְרִינֶען זֶעהְר מֶעהְרֶען:

11 אוּנְד זֶעהְט, אִיהְר זָאלְט שְׁטִיל זֵיין, אוּנְד זָאלְט טְהוּן דָאס אֵיירִיגֶע,

אוּנְד זָאלְט ווירְקֶען מִיט אֵירֶע אֵייגֶע־
נֶע הֶענְד, אַזוֹי ווִיא מִיר הָאבֶּען אֵייךְ
בֶּעפוֹילֶען:
12 אַז אִיהְר זָאלְט וואַנְדְלֶען אָנשְׁטֶענְ־
דִיג קֶעגֶען דִיא וָואס זֶענֶען פוּן
דְרויסֶען, אוּנְד כְּדֵי אִיהְר זָאלְט צוּ
קֵיינֶעם נִיט בֶּעדַארְפֶען:
13 אוּנְד אִיךְ ווֶעל פוּן אֵייךְ נִיט
פַארְהֶעלֶען, בְּרִידֶער, ווֶעגֶען דִיא וָואס
זֶענֶען אַנְטשְׁלָאפֶען גֶעווָארֶען, אַז אִיהְר
זָאלְט נִיט טְרוֹיעֶרְן אַזוֹי ווִיא אַנְדֶערֶע
וָואס הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע הָאפְנוּנְג:
14 וָוארִין ווֶען מִיר גְלוֹיבֶּען אַז יֵשׁוּעַ
אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד אִיז ווִידֶער
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אַזוֹי ווֶעט גָאט אוֹיךְ
מִיט אִיהְם בְּרֶענְגֶען דִיא וָואס שְׁלָאפֶען
אִין יֵשׁוּעַ:
15 וָוארִין דָאס זָאגֶען מִיר אֵייךְ דוּרְךְ
דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, אַז מִיר
וָואס לֶעבֶּען אוּנְד בְּלֵייבֶּען בִּיז דֶער
הַאר ווֶעט קוּמֶען, ווֶעלֶען נִיט אָפְּ־
הַאלְטֶען דִיא וָואס שְׁלָאפֶען:
16 וָוארִין דֶער הַאר זֶעלְבְּסְט ווֶעט
אַרוּפְּקוּמֶען, פוּם הִימֶעל מִיט שַׁאלֶען,
מִיט דֶעם־קוֹל פוּן דֶעם עֶלְצְטֶען
מַלְאָךְ, אוּנְד מִיט דֶעם שׁוֹפָר פוּן גָאט;
אוּנְד דִיא טוֹיטֶע אִין דֶעם מָשִׁיחַ
ווֶעלֶען פְרִיר אוֹיפשְׁטֵיין:
17 דֶערְנָאךְ ווֶעלֶען מִיר וָואס לֶעבֶּען
אוּנְד בְּלֵייבֶּען אִיבֶּער אַרוֹיפְגֶענוּמֶען
ווֶערֶען מִיט זֵייא אִין דִיא וָואלְקֶענְס,
מִיר זָאלֶען בֶּעגֶעגְנֶען דֶעם הַאר אִין
דֶער לוּפְט, אוּנְד אַזוֹי ווֶעלֶען מִיר
שְׁטֶענְדִיג זֵיין מִיט דֶעם הַאר:

צאפיטעל ה

1 אוּנְד ווֶעגֶען דִיא צֵייטֶען אוּנְד
זְמַנִים, בְּרִידֶער, בֶּעדַארְפְט אִיהְר נִיט
אִיךְ זָאל אֵייךְ שְׁרֵייבֶּען:
2 וָוארִין אִיהְר זֶעלְבְּסְט ווייסְט זֶעהְר
גוּט אַז דֶער טָאג פוּן דֶעם הַאר קוּמְט
אַזוֹי ווִיא אֵיין גַנָב אִין דֶער נַאכְט:
3 וָוארִין ווֶען זֵייא ווֶעלֶען זָאגֶען עֶס
אִיז שָׁלוֹם אוּנְד זִיכֶערְהֵייט, אַזוֹי ווֶעט
פְּלִיצְלוּנְג אֵיין בְּרָאךְ אִיבֶּער זֵייא
קוּמֶען, ווִיא דִיא ווֵייטָאג צוּ אֵיינֶע
טְרָאגֶעגְדִיגֶע פְרוֹיא; אוּנְד זֵייא ווֶעלֶען
נִיט אַנְטרִינֶען:
4 אָבֶּער אִיהְר בְּרִידֶער, זֶענְט נִיט אִין
דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אַז דֶער טָאג זָאל
אֵייךְ דֶערגְרֵייפֶען ווִיא אֵיין גַנָב:
5 אִיהְר זֶענְט אַלֶע דִיא קִינְדֶער פוּן
לִיכְט, אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם
טָאג; מִיר זֶענֶען נִיט פוּן דֶער נַאכְט,
אוּנְד אוֹיךְ נִיט פוּן דֶער פִינְסְטֶערְנִיס:
6 דְרוּם לָאזֶען מִיר נִיט שְׁלָאפֶען אַזוֹי
ווִיא אַנְדֶערֶע, נֵייעֶרְט לָאזֶען מִיר
וואַכֶען אוּנְד נִיכְטֶערְן זֵיין:
7 וָוארִין דִיא וָואס שְׁלָאפֶען, שְׁלָאפֶען
אִין דֶער נַאכְט; אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען
שִׁיכּוֹר, זֶענֶען שִׁיכּוֹר אִין דֶער נַאכְט:
8 אָבֶּער ווייל מִיר זֶענֶען פוּן דֶעם
טָאג, אַזוֹי לָאזֶען מִיר נִיכְטֶערְן זֵיין,
אוּנְד לָאזֶען מִיר אָנְטְהוּן דֶעם פַּאנְצֶער
פוּן גְלוֹיבֶּען אוּנְד לִיבְּשַׁאפְט, אוּנְד פַאר
אֵיינֶע הוּט (כּוֹבַע) דִיא הָאפְנוּנְג פוּן
זֶעלִיגְקֵייט:
9 וָוארִין גָאט הָאט אוּנְס נִיט בֶּע־
שְׁטִימְט צוּם צָארְן, נֵייעֶרְט מִיר זָאלֶען
דֶערהַאלְטֶען דִיא זֶעלִיגְקֵייט דוּרְךְ
אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
10 וָואס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר אוּנְס,
כְּדֵי מִיר זָאלֶען מִיט אִיהְם צוּזַאמֶען
לֶעבֶּען, אוֹיבּ מִיר וואַכֶען אָדֶער
שְׁלָאפֶען:

11 דרום טְרייסְט אייך אוּנְטֶער אַנאַנְ־
דֶער, אוּנד בֶּעסֶערְט אייְנֶער דֶעם
אַנְדֶערְן, אַזוֹי וויא אִיהְר טְהוּט אויךְ׃
12 אוּנְד מִיר בֶּעטֶען אייךְ, בְּרִידֶער,
אִיהְר זָאלְט קֶענֶען דִיא וָואס אַרְבֵּיי־
טֶען צְוִוישֶׁען אייךְ, אוּנְד דִיא וָואס
זֶענֶען גֶעזֶעצְט אִיבֶּער אייךְ אִין דֶעם
הַאר, אוּנד דִיא וָואס שְׁטְרָאפֶען אייךְ׃
13 אוּנְד אַז אִיהְר זָאלְט זַייא זֶעהְר
הויךְ הַאלְטֶען מִיט לִיבְשַׁאפְט, וֶועגֶען
זַיירֶע וֶוערְק; הָאט שָׁלוֹם צְוִוישֶׁען אייךְ׃
14 אוּנְד מִיר בֶּעטֶען אייךְ, בְּרִידֶער,
וָוארֶענְט דִיא אוּנְרוּהִיגֶע, טְרֵייסְט דִיא
וָואס הָאבֶען אַ נִידְרִיג גֶעמִיט, הֶעלְפְט
דִיא שְׁוַואכֶע, זֵייט לַאנְגמוּטִיג קֶעגֶען
אַלֶע׃
15 זֶעהְט אִיהְר זָאלְט קֵיינֶעם נִיט
בֶּעצָאלֶען בֵּייזֶעס מִיט בֵּייזֶען, נֵייעֶרְט
יָאגְט שְׁטֶענְדִיג נָאךְ דָאס גוּטֶע, פַאר
אייךְ, אוּנְד פַאר אַלֶע לֵייט׃
16 פְרֵייעֶט אייךְ שְׁטֶענְדִיג׃
17 אוּנְד זֵייט אִים גֶעבֶּעט אָהְן אויפְּ־
הֶער׃
18 דַאנְקְט גָאט אִין אַלֶעם; וָוארִין
דָאס אִיז דֶער ווִילֶען פוּן גָאט צוּ אייךְ
אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃
19 פַארְלֶעשְׁט נִיט דֶעם גֵייסְט׃
20 פַארְשֶׁעמְט נִיט דָאס נְבוּאוֹת
זָאגֶען׃
21 פְּרוּפְט אַלֶעם; הַאלְט פֶּעסְט דָאס
גוּטֶע׃
22 פַארְמֵיידֶעט אַלֶען שֵׁיין פוּן בֵּייזֶען׃
23 אוּנְד דֶער גָאט פוּן פְרִידֶען
זֶעלְבְּסְט וֶועט אייךְ אִים גַאנְצֶען הֵיי־
לִיגֶען; אוּנְד מֶעג אייעֶר גַאנְצֶער
גֵייסְט אוּנְד אייעֶרֶע נְשָׁמָה אוּנְד אייעֶר
לֵייבּ בֶּעהַאלְטֶען וֶוערֶען אָהְן אֵיין
פֶּעהְלֶער, בִּיז אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ וֶועט קוּמֶען׃
24 דֶער וָואס הָאט אייךְ בֶּערוּפֶען
אִיז גֶעטְרֵייא, אוּנְד עֶר וֶועט עֶס אויךְ
טְהוּן׃
25 בְּרִידֶער, בֶּעטֶעט פַאר אוּנְס׃
26 גְרִיסְט אַלֶע בְּרִידֶער מִיט אֵיין
הֵיילִיגֶען קִישׁ׃
27 אִיךְ בֶּעשְׁוֶוער אייךְ בֵּיים הַאר
אַז דִיזֶער בְּרִיף זָאל גֶעלֵיינְט וֶוערֶען
צוּ אַלֶע הֵיילִיגֶע בְּרִידֶער׃
28 דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ זַייא מִיט אייךְ, אָמֵן׃

דער ערשטער בריף צו דיא טעסאלוניקער, געשריבען פון אטענס.

# דער צווייטער בריף פון דעם
# אפאסטעל (שליח) פולוס צו דיא טעסאלוניקער



1 פולוס, אונד סולוואנוס, אונד טימאטעוס, צו דער געמיינדע פון טעסאלוניקא, אין גאט אונזער פאטער אונד אין דעם האר ישוע המשיח:
2 גנאד זייא מיט אייך, אונד שלום פון גאט אונזער פאטער אונד פון דעם האר ישוע המשיח:
3 מיר קערען שטענדיג גאט צו דאנקען פאר אייך, ברידער, וויא עס איז ווערט, ווייל אייער גלויבען וואקסט זעהר, אונד דיא ליבשאפט אין אייך אלע אונטער אנאנדער מעהרט זיך:
4 ביז מיר זעלבסט בעריהמען זיך מיט אייך אין דיא געמיינדע פון גאט, וועגען אייערע געדולד אונד גלויבען אין אלע אייערע פארפאלגונגען, אונד דיא צרות וואס איהר ליידעט:
5 וואס איז איין בעווייז פון דעם גערעכטען משפט פון גאט, אז איהר זאלט ווערט זיין דאס קעניגרייך פון גאט, פאר וועלכען איהר טהוט אויך ליידען:
6 זינטמאל עס איז גערעכט פאר גאט ער זאל בעצאהלען צרות צו דיא וואס טהון אייך צו לייד:
7 אונד צו אייך וואס ליידען, מנוחה מיט אונס, ווען דער האר ישוע וועט אנטפלעקט ווערען פון הימעל מיט זיינע מעכטיגע מלאכים:
8 אין איין פלאם פון פייער ער זאל זיך נוקם זיין אן דיא וואס קענען ניט גאט, אונד אן דיא וואס געהארכען ניט צו דעם עוואנגעליום פון אונזער האר ישוע המשיח:
9 וואס וועלען געשטראפט ווערען מיט איין איביגען בראך פאר דעם האר, אונד דעם פנים פון דער הערליכקייט פון זיינע מאכט:
10 ווען ער וועט קומען פארהערליכט צו ווערען אין זיינע הייליגען, אונד בעוואונדערט צו ווערען אין אלע וואס גלויבען (ווארין אונזער צייגנעס וואר געגלויבט צווישען אייך) אין דיזען טאג:
11 דרום זענען מיר אויך שטענדיג אים געבעט פאר אייך, אז איהר זאלט ווערט זיין פון גאט ער זאל אייך בערופען, אונד זאל דערפילען דעם גאנצען ווילען פון זיינע גוטיגקייט, אונד דאס ווערק פון גלויבען מיט מאכט:
12 אז דער נאמען פון אונזער האר ישוע המשיח זאל פארהערליכט ווערען אין אייך, אונד איהר אין איהם, נאך דער גנאד פון אונזער גאט אונד פון דעם האר ישוע המשיח:

## קאפיטעל ב

1 אונד מיר בעטען אייך, ברידער, בייא דעם קומען פון אונזער האר, ישוע המשיח, אונד בייא אונזערע איינזאמלונג צו איהם:
2 אז איהר זאלט ניט באלד בעוועגט

װָערֶען אִין אֵייעֶר פַּארשְׁטַאנְד, אוּנְד זָאלְט נִיט דֶערשְׁרָאקֶען װָערֶען דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט, אוּנְד נִיט דוּרְךְ רֵייד, אוּנְד נִיט דוּרְךְ אֵיין בְּרִיף װִיא פוּן אוּנְס, גְלֵייךְ אוֹיב דֶער טָאג פוּן מָשִׁיחַ אִיז נָאהְנט גֶעקוּמֶען׃

3 לָאז אֵייךְ קֵיינֶער נִיט פַּארפִּירֶען אוֹיף קֵיין פַאל, װָארִין עֶס װֶעט נִיט גֶעשֶׁעהֶען בִּיז עֶס װֶעט פְרִיר זַיין אֵיינֶע װִידֶערשְׁפֶּענִיגְקֵייט. אוּנְד דֶער מֶענְשׁ פוּן זִינְד װֶעט אַנְטפְּלֶעקְט װֶערֶען, דֶער זוּהְן פוּן פַּארְלוּירֶענִים׃

4 װָאס טְהוּט זִיךְ װִידֶערזֶעצֶען אוּנְד װָאס דֶערְהֵייבְּט זִיךְ אִיבֶּער אַלֶעס װָאס װֶערְט אָנְגֶערוּפֶען גָאט אָדֶער װָאס װֶערְט גֶעדִינְט, אוּנְד עֶר זִיצְט װִיא אֵיין גָאט אִין דֶעם הֵיכָל פוּן גָאט, אוּנְד װֵייזְט זִיךְ אַז עֶר אִיז גָאט׃

5 גֶעדֶענְקְט אִיהְר נִיט, אַז אִיךְ הָאבּ אֵייךְ דָאס גֶעזָאגְט װֶען אִיךְ בִּין נָאךְ בֵּייא אֵייךְ גֶעװֶעזֶען?

6 אוּנְד אַצוּנְד װֵייסְט אִיהְר װָאס עֶס טְהוּט אוֹיפְהַאלְטֶען, כְּדֵי עֶר זָאל אַנְטפְּלֶעקְט װֶערֶען אִין זַיינֶע צֵייט׃

7 װָארִין דָאס גֶעהֵיימְנִיס פוּן אוּנְרֶעכְט װִירְקְט שׁוֹין, אָבֶּער עֶר טְהוּט אַצוּנְד אוֹיפְהַאלְטֶען בִּיז עֶר װֶעט אַװֶעקְגֶענוּמֶען װֶערֶען פוּן דֶער מִיטֶען׃

8 אוּנְד דֶערְנָאךְ װֶעט דֶער אוּנְגֶערֶעכְטֶער אַנְטפְּלֶעקְט װֶערֶען, װֶעלְכֶען דֶער הַאר װֶעט אוּמְבְּרֶענְגֶען מִיט דֶעם שֵׁיין פוּן זַיין קוּמֶען׃

9 אַפִילוּ דֶעם װָאס זַיין קוּמֶען אִיז נָאךְ דֶעם װֶערְק פוּן שָׂטָן מִיט אַלֶער מַאכְט אוּנְד צֵייכֶען אוּנְד פַאלְשֶׁע װְאוּנְדֶער׃

10 אוּנְד מִיט אַלֶערְלֵייא פֶערְפִירוּנְג צוּם אוּנְרֶעכְט אִין דִיא װָאס װֶערֶען פַארְלוּירֶען, װֵייל זֵייא הָאבֶּען נִיט אַנְטפַאנְגֶען דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן דֶער װָאהְרְהֵייט אַז זֵייא זָאלֶען זֶעלִיג װֶערֶען׃

11 אוּנְד דָארוּם װֶעט זֵייא גָאט שִׁיקֶען אֵיינֶע מֶעכְטִיגֶע פַּארפִּירֶענִיס. אַז זֵייא זָאלֶען גְלוֹיבֶּען אַ לִיגֶען׃

12 כְּדֵי אַלֶע זָאלֶען פַארשׁוּלְדִיגְט װֶערֶען װָאס הָאבֶּען נִיט גֶעגְלֵייבְּט אִין דֶער װָאהְרְהֵייט אוּנְד הָאבֶּען בַּאװִילִיגְט אוּמְרֶעכְט׃

13 אָבֶּער מִיר קֶערֶען שְׁטֶענְדִיג גָאט צוּ דַאנְקֶען פַאר אֵייךְ בְּרִידֶער, גֶעלִיבְּטֶע פוּן דֶעם הַאר, װֵייל גָאט הָאט אֵייךְ פוּן אָנְפַאנְג אוֹיסְדֶערװֵיילְט צוּר זֶעלִיגְקֵייט דוּרְךְ דֶער הֵיילִיגוּנְג פוּן דֶעם גֵייסְט, אוּנְד דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין דֶער װָארְהֵייט׃

14 װָאס עֶר הָאט אֵייךְ דֶערְצוּ בֶּערוּפֶען דוּרְךְ אוּנְזֶער עֶװַאנְגֶעלִיוּם, אַז אִיהְר זָאלְט דֶערְהַאלְטֶען דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃

15 דְרוּם בְּרִידֶער, בְּלֵייבְּט בֶּעשְׁטֵיין, אוּנְד הַאלְט פֶעסְט דִיא תַּקּוֹנִים װָאס אִיהְר הָאט גֶעלֶערֶענְט דוּרְךְ רֵייד אָדֶער אוּנְזֶער בְּרִיף׃

16 אוּנְד אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זֶעלְבְּסְט, אוּנְד גָאט אוּנְזֶער פָאטֶער װָאס הָאט אוּנְס גֶעלִיבְּט, אוּנְד הָאט אוּנְס גֶעגֶעבֶּען אֵיינֶען אֵייבִּיגֶען טְרֵייסְט אוּנְד אֵיינֶע גוּטֶע הָאפְנוּנְג דוּרְךְ גְנָאד׃

17 װֶעט אֵיירֶע הֶערְצֶער טְרֵייסְטֶען, אוּנְד װֶעט אֵייךְ שְׁטַארְקֶען אִין אִיטְלִיכֶען גוּטֶען װָארְט אוּנְד װֶערְק׃

## קאפיטעל ג

1 אוּנְד צוּלֶעצְט, לִיבֶּע בְּרִידֶער, בֶּעטֶעט פַאר אוּנְס, אַז דָאס װָארְט פוּן

דֶעם הַאר זָאל לױפֶען אוּנְד זָאל פַאר
הֶערְלִיכְט װֶערֶען אַזױ װִיא בֵּייא אֵייךְ :
2 אוּנְד אַז מִיר זָאלֶען גֶערֶעטֶעט
װֶערֶען פוּן שַׁאלְקְהַאפְטִיגֶע אוּנְד בֵּייזֶע
לֵייט, װָארִין נִיט אַלֶע הָאבֶּען גְלױבֶּען :
3 אָבֶּער דֶער הַאר אִיז גֶעטְרַייא, װָאס
װֶעט אֵייךְ שְׁטַארְקֶען אוּנְד װֶעט אֵייךְ
בֶּעהִיטֶען פוּן דֶעם בֵּייזֶען :
4 אוּנְד מִיר זֶענֶען זִיכֶער אִין דֶעם
הַאר װֶעגֶען אֵייךְ, אַז אִיהְר טְהוּט, אוּנְד
װֶעט אױךְ טְהוּן װָאס מִיר הָאבֶּען אֵייךְ
בֶּעפױלֶען :
5 אוּנְד מֶעג דֶער הַאר אֵיירֶע הֶערְצֶער
נֵייגֶען צוּ דֶער לִיבְּשַׁאפְט פוּן גָאט אוּנְד
צוּ דֶער גֶעדוּלְט פוּן מָשִׁיחַ :
6 אוּנְד מִיר בֶּעפֶעהְלֶען אֵייךְ, בְּרִידֶער,
אִין דֶעם נָאמֶען פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ, אִיהְר זָאלְט אֵייךְ אָפְּשֵׁיידֶען פוּן
אִיטְלִיכֶען בְּרוּדֶער װָאס װַאנְדֶעלְט נִיט
אָרֶענְטְלֶעךְ, אוּנְד נִיט נָאךְ דֶער לֶעהְרֶע
װָאס אִיהְר הָאט פוּן אוּנְס דֶערְהַאלְטֶען :
7 װָארִין אִיהְר זֶעלְבְּסְט װֵייסְט װִיא
אִיהְר קֶערְט אוּנְס נָאךְ צוּ פָאלְגֶען,
װָארִין מִיר זֶענֶען נִיט גֶעװֶעזֶען אוּנְ־
אָרֶענְטְלִיךְ צְװִישֶׁען אֵייךְ :
8 אוּנְד מִיר הָאבֶּען אֵייךְ נִיט גֶעגֶעסֶען
דָאס בְּרױט פוּן קֵיין מֶענְשׁ אוּמְזוּנְסְט,
נֵייעֶרְט מִיט אַרְבֵּייט אוּנְד מִיה; אוּנְד
מִיר הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט טָאג אוּנְד נַאכְט
אַז מִיר זָאלֶען קֵיינֶעם פוּן אֵייךְ נִיט
בֶּעשְׁװֶערְלִיךְ זַיין :
9 נִיט װײל מִיר הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע
מַאכְט, נֵייעֶרְט אַז מִיר זָאלֶען אֵייךְ װֵייזֶען
אֵיין בֵּיישְׁפִּיל אִיהְר זָאלְט אוּנְס נָאכְ־
פָאלְגֶען :
10 װָארִין װֶען מִיר זֶענֶען בֵּייא אֵייךְ
גֶעװֶעזֶען הָאבֶּען מִיר אֵייךְ דָאס אָנְגֶ־
גֶעזָאגְט, אַז װֶען אֵיינֶער װִיל נִיט
אַרְבֵּייטֶען דֶער זָאל אױךְ נִיט עֶסֶען :
11 װָארִין מִיר הֶערֶען אַז עֶטְלִיכֶע
צְװִישֶׁען אֵייךְ װַאנְדְלֶען אוּנְאָרֶענְטְלִיךְ,
אוּנְד אַרְבֵּייטֶען גָארְנִיט, נֵייעֶרְט מִישֶׁען
זִיךְ אִין פְרֶעמְדֶע גֶעשֶׁעפְטֶען :
12 אוּנְד זָאלְכֶע בֶּעפֶעלֶען מִיר אוּנְד
װָארְנֶען זֵייא בֵּייא אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ, אַז זֵייא זָאלֶען שְׁטִילֶערְהֵייט
אַרְבֵּייטֶען, אוּנְד זָאלֶען עֶסֶען זֵייעֶר
אֵייגֶען בְּרױט :
13 אוּנְד אִיהְר בְּרִידֶער װֶערְט נִיט
מִיד גוּטֶעס צוּ טְהוּן :
14 אוּנְד װֶען אֵיינֶער װִיל נִיט גֶע־
הָארְכֶען צוּ אוּנְזֶערֶע רֵייד דוּרְךְ דִיזֶען
בְּרִיף, בֶּעמֶערְקְט אִיהְם אוּנְד מִישְׁט
אֵייךְ נִיט מִיט אִיהְם, אַז עֶר זָאל
פַארְשֶׁעמְט װֶערֶען :
15 אָבֶּער רֶעכֶענְט אִיהְם נִיט פַאר אַ
פֵיינְד, נֵייעֶרְט שְׁטְרָאפְט אִיהְם װִיא
אֵיין בְּרוּדֶער :
16 אוּנְד מֶעג אֵייךְ דֶער הַאר פוּן
פְרִידֶען זֶעלְבְּסְט שְׁטֶענְדִיג פְּרִידֶען גֶע־
בֶּען אױף אַלֶערְלֵייא אַרְט, דֶער הַאר
זֵייא מִיט אֵייךְ אַלֶע :
17 אֵיין גְרוּס פוּן פּוֹלוֹס מִיט מֵיינֶע
אֵייגֶענֶער הַאנְד, װָאס אִיז אֵיין צֵייכֶען
אִין אִיטְלִיכֶען בְּרִיף, אַזױ שְׁרֵייבּ אִיךְ :
18 דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ זֵייא מִיט אֵייךְ אַלֶע, אָמֵן :

דער צווייטער בריף צו דיא טעסאלוניקער, געשריעבען פון אטענס.

# דער ערשטער בריף פון דעם
# אפאסטעל (שליח) פולוס צו טימאטעוס

1 פולוס איין אפאסטעל פון ישוע המשיח, נאך דעם געבאט פון גאט אונזער העלפער, אונד פון דעם האר ישוע המשיח וואס איז אונזערע האפנונג:

2 צו טימאטעוס מיין איינענעם זוהן אין דעם גלויבען, בארמהערציגקייט, אונד שלום פון גאט אונזער פאטער, אונד פון אונזער האר ישוע המשיח:

3 אזוי וויא איך האב דיך געבעטען דוא זאלסט בלייבען אין עפעזוס, ווען איך בין געגאנגען קיין מקדוניא, אז דוא זאלסט צו עטליכע אנזאגען זייא זאלען ניט לעהרען קיינע פרעמדע לעהרע:

4 אונד זאלען ניט אכטונג געבען אויף ליידיגע רייד, אונד אויף יחוס בריף וואס האבען קיין סוף ניט, אונד ברענגען מעהר קשיות וויא פארבעסערונג צו גאט אין דעם גלויבען:

5 אונד דער סוף פון דעם געבאט איז ליבשאפט אויס איין ריין הארץ, אונד איין גוט געוויסען, אונד גלויבען אהן חניפה:

6 וואס עטליכע האבען זיך דערפון אפגעטהון, אונד האבען זיך געקעהרט צו נארישע רייד:

7 אונד ווילען זיין מלמדי תורה, דאך פארשטיין זייא ניט וואס זייא זאגען אונד וואס זייא טהון פעסט זעצען:

8 אבער מיר וויסען אז דיא תורה איז גוט, ווען איינער בענוצט עס ריכטיג:

9 אונד דאס וויסען מיר אז דיא תורה איז ניט געמאכט פאר איין גערעכטען מאן, נייערט פאר דיא אומגערעכטע אונד ווידערשפענסטיגע, פאר דיא אומהייליגע אונד אומווערדיגע, פאר דיא וואס טייטען פאטער אונד מוטער אונד וואס טהון מענשען אומברענגען:

10 פאר הורער, פאר דיא וואס ליגען מיט זכרים, פאר זאלכע וואס טהון מענשען גנבענען, פאר ליגנערס, פאר דיא וואס טהון פאלש שווערען, אונד אויב דא איז עפעס אנדערש וואס איז קעגען דער גוטע לערנונג:

11 נאך דעם הערליכען עוואנגעליום פון דעם געבענשטען גאט, וואס איז מיר פארטרויעט געווארען·

12 אונד איך דאנק אונזער האר ישוע המשיח וואס האט מיך געשטארקט, אונד האט מיך געטרייא געהאלטען אונד האט מיר איבער געגעבען דעם דינסט:

13 וואס איך בין פריער געוועזען איין לעסטערער אונד איין פערפאלגער אונד האב שלעכטעס געטהון; אבער איך האב דערהאלטען גנאד, ווייל איך האב עס געטהון אומוויסענטליך אין אומגלייביגקייט:

14 דיא גנאד פון אונזער האר האט זיך זעהר געמעהרט מיט גלויבען אונד ליבשאפט וואס איז אין ישוע המשיח:

15 עס איז איינע בעגלייבטע זאך אונד זעהר ווערט צו אנטפאנגען, אז ישוע המשיח איז אין דער וועלט אריין

גֶעקוּמֶען עֶר זָאל זִינְדֶער זֶעלִיג מַאכֶען,
פוּן װֶעלְכֶע אִיךְ בִּין דֶער עֶלְצְטֶער׃
16 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ פוּן דֶעסְטְװֶעגֶען
גְנָאד עֶרְהַאלְטֶען, אַז יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ
זָאל אִין מִיר צוּם עֶרְשְׁטֶען בֶּעװײזֶען
אַלֶע לַאנְגמוּטִיגְקֵייט פַאר אֵיין בֵּייִשְׁפִּיל
צוּ דִיא װָאס װֶעלֶען דֶערְנָאךְ אָן אִיהְם
גְלֵייבֶּען צוּם אֵייבִּיגֶען לֶעבֶּען׃
17 אָבֶּער צוּם אֵייבִּיגֶען קֶענִיג װָאס
אִיז אוּמְפַארְדֶערבְּלִיךְ, װָאס קֶען נִיט
גֶעזֶעהֶען װֶערֶען, צוּם אֵיינְצִיגֶען װײזֶען
גָאט אִיז דֶער כָּבוֹד אוּנְד לויב פוּן
אֵייבִּיגְקֵייט צוּ אֵייבִּיגְקֵייט, אָמֵן׃
18 דִיזֶעס גֶעבָּאט גִיבּ אִיךְ דִיר אִיבֶּער,
מֵיין זוּהְן טִימָאטֶעוּס, נָאךְ דִיא נְבוּאוֹת
װָאס זֶענֶען פְרִיר אוֹיף דִיר גֶעזָאגְט
גֶעװָארֶען, אַז דוּא זָאלְסְט מִיט זֵייא
שְׁטְרֵייטֶען אֵיין גוּטֶען שְׁטְרֵייט׃
19 דוּא זָאלְסְט הָאבֶּען גְלױבֶּען אוּנְד
אֵיין גוּט גֶעװִיסֶען, װָאס עֶטְלִיכֶע
הָאבֶּען פַארְװָארְפֶען אוּנְד הָאבֶּען שִׁיף־
בְּרוּךְ גֶעלִיטֶען אִין דֶעם גְלױבֶּען׃
20 אוּנְד צְװִישֶׁען זֵייא אִיז הִימֶענֶעוּס
אוּנְד אַלֶעכְּסַנְדֶער, װֶעלְכֶע אִיךְ הָאבּ
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּם שָׂטָן, כְּדֵי זֵייא
זָאלֶען לֶערְנֶען נִיט מֶעהְר צוּ לֶעסְ־
טֶערֶען׃

## קאפיטעל ב

1 דְרוּם בֶּעט אִיךְ, אַז צוּם אַלֶעם
עֶרְשְׁטֶען זָאל מֶען בֶּעטֶען אוּנְד מֶען
זָאל זָאגֶען תְּחִנוֹת, אוּנְד דַאנְקֶען פַאר
אַלֶע מֶענְשֶׁען׃
2 פַאר מְלָכִים, אוּנְד אַלֶע װָאס גֶע־
װֶעלְטִיגֶען, אַז מִיר זָאלֶען פִירֶען אֵיין
שְׁטִיל אוּנְד פְרִידְלֶעךְ לֶעבֶּען מִיט אַלֶע
פְרוּמִיגְקֵייט אוּנְד עֶרְלִיכְקֵייט׃
3 װָארִין דָאס אִיז גוּט אוּנְד אָנְ־
גֶענוּמֶען צוּ פַאר גָאט אוּנְזֶער הֶעלְפֶער׃
4 װָאס װִיל הָאבֶּען אַז אַלֶע מֶענְשֶׁען
זָאלֶען גֶערֶעטֶעט װֶערֶען, אוּנְד זָאלֶען
קוּמֶען צוּ דֶער װִיסֶענְשַׁאפְט פוּן דֶער
װָארְהֵייט׃
5 װָארִין עֶס אִיז אֵיין גָאט, אוּנְד אֵיין
פַארְמִיטְלֶער צְװִישֶׁען גָאט אוּנְד מֶענְ־
שֶׁען, דֶער מֶענְשׁ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃
6 װָאס הָאט זִיךְ גֶעגֶעבֶּען פַאר אֵיין
אוֹיסְדֶערְלֵייזוּנְג פַאר אַלֶע, פַאר אֵיין
צֵייגְנִיס צוּ דֶער רֶעכְטֶער צֵייט׃
7 אִיבֶּער װֶעלְכֶען אִיךְ בִּין גֶעזֶעצְט
אַלְס אֵיין פְרֶעדִיגֶער אוּנְד אֵיין אַפָּאסְ־
טֶעל, (אִיךְ זָאג דִיא װָארְהֵייט אִין
מָשִׁיחַ, אִיךְ לִיג נִיט), אֵיין לֶעהְרֶער
פוּן דִיא גוֹיִם אִין דֶעם גְלױבֶּען אוּנְד
אִין דֶער װָארְהֵייט׃
8 דְרוּם װִינְשׁ אִיךְ אַז דִיא לֵייט
זָאלֶען בֶּעטֶען אִין אִיטְלִיכֶען אָרְט,
אוּנְד זָאלֶען אוֹיפְהֵייבֶּען הֵיילִיגֶע הֶענְד
אָהְן צָארְן אוּנְד צַאנְק׃
9 אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דִיא װֵייבֶּער זָאלֶען
זִיךְ צִירֶען מִיט קְלֵיידֶער, מִיט בֶּע־
שֵׁיידֶענְהֵייט אוּנְד זוּיבֶּערְקֵייט, נִיט
מִיט פְלֶעכְטֶען, אָדֶער מִיט גָאלְד אוּנְד
פֶּערֶעל אוּנְד טֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער׃
10 נֵייעֶרְט מִיט מַעֲשִׂים טוֹבִים, אַזוֹי
װִיא עֶס גֶעשִׁיקְט זִיךְ פַאר װֵייבֶּער
װָאס זָאגֶען זֵייא זֶענֶען פְרוּם׃
11 לָאז דִיא פְרױא לֶערְנֶען שְׁטִילֶער־
הֵייט מִיט אַלֶער אוּנְטֶערְטֶענִיגְקֵייט׃
12 אָבֶּער אִיךְ דֶערְלױבּ נִיט אַז אֵיינֶע
פְרױא זָאל לֶעהְרֶען אָדֶער זִיא זָאל
זִיךְ דֶערְהֵייכֶען אִיבֶּער דֶעם מַאן, נֵיי־
עֶרְט זִיא זָאל שְׁטִיל זַיין׃
13 װָארִין אָדָם װַאר פְרִיר בֶּעשַׁאפֶען,
אוּנְד דֶערְנָאךְ חַוָּה׃

14 אוּנְד אָדָם אִיז נִיט פַאַרְפִירְט גֶעוָואָרֶען, נֵייעֶרְט דִיא פְרוֹיא אִיז פַאַרְפִירְט גֶעוָואָרֶען אוּנְד הָאט עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען׃

15 אָבֶּער זִיא וֶועט דָאךְ גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען דוּרְךְ דֶעם גֶעוִוינֶען פוּן קִינְדֶער, וֶוען זֵייא וֶועלֶען בְּלֵייבֶּען אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען אוּנְד לִיבְּשַׁאפְט אוּנְד הֵיילִיגְקַייט מִיט זִויבֶּערְקַייט׃

## קאפּיטעל ג

1 עֶס אִיז אֵיינֶע בֶּעגְלֵייבְּטֶע זַאךְ אַז וֶוען אֵיינֶער פַארְלַאנְגְט צוּ זֵיין אֵיין בִּישָׁאף, אַזוֹי פֶערְלַאנְגְט עֶר אֵיין גוּט וֶוערְק׃

2 אוּנְד אֵיין בִּישָׁאף מוּז זֵיין אָהְן אֵיין פֶעהְלֶער, דֶער מַאן נָאר פוּן אֵיינֶע פְרוֹיא, נִיכְטֶערְן, זִויבֶּער, זִיטִיג, אֵיין מַכְנִיס אוֹרֵחַ, אֵיין גוּטֶער לֶעהְרֶער׃

3 נִיט קֵיין זוֹיפֶער, נִיט קֵיין שְׁלֶעגֶער נִיט גֵייצִיג נָאךְ שֶׁענְדְלִיכֶען גֶעוִוינְסְט; נֵייעֶרְט גֶעלִינְט, נִיט קֵיין שְׁטְרֵייטֶער, נִיט קֵיין לִיבְּהָאבֶּער פוּן גֶעלְד׃

4 אֵיינֶער וָואס גֶעוֶועלְטִינְט גוּט אִיבֶּער זֵיין הוֹיז אוּנְד הַאלְט זֵיינֶע קִינְדֶער אוּנְטֶערְטֶענִיג מִיט אַלֶער אוֹיפְרִיכְטִיגְקַייט׃

5 (וָוארִין וֶוען אֵיינֶער וֵוייסְט נִיט זֵיין אֵייגֶען הוֹיז צוּ רֶעגִירֶען, וִויא אַזוֹי זָאל עֶר זָארְגֶען פַאר דִיא גֶעמֵיינְדֶע פוּן גָאט)?

6 וָואס אִיז נִיט קֵיין נֵייעֶר תַּלְמִיד, אַז עֶר זָאל נִיט אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען וֶוערֶען אוּנְד אַרֵיינְפַאלֶען אִין דֶעם מִשְׁפָּט פוּן דֶעם שָׂטָן׃

7 אוּנְד עֶר מוּס אוֹיךְ הָאבֶּען אֵיין גוּטֶעס צֵייגְנִיס פוּן דִיא וָואס זֶענֶען דְרוֹיסֶען; אַז עֶר זָאל נִיט אַרֵיינְפַאלֶען אִין שַׁאנְד אוּנְד אִין דֶער שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פוּן דֶעם שָׂטָן׃

8 אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דִיא דִינֶערְס מוּזֶען עֶרְלִיךְ זֵיין, אוּנְד קֵיין שְׁמֵייכְלֶערְס נִיט זֵיין, אוּנְד נִיט פִיל וֵויין טְרִינְקֶען, אוּנְד נִיט גֵייצִיג זֵיין נָאךְ שֶׁענְדְלִיכֶען גֶעוִוינְסְט׃

9 וָואס הַאלְטֶען דָאס גֶעהֵיימְנִיס פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען מִיט אֵיין רֵיין גֶעוִויסֶען׃

10 אוּנְד לָאזֶען דִיזֶע פְרִיר גֶעפְּרוּפְט וֶוערֶען; דֶערְנָאךְ לָאזֶען זֵייא בֶּעדִינֶען, וֶוען זֵייא זֶענֶען אָהְן אֵיין פֶעהְלֶער׃

11 אוּנְד זֵיירֶע וֵוייבֶּער מוּסֶען אוֹיךְ עֶרְלִיךְ זֵיין אוּנְד נִיט קֵיין רְכִילוּת זָאגֶען, נִיכְטֶערְן אוּנְד גֶעטְרֵייא אִין אַלֶע זַאכֶען׃

12 לָאזֶען דִיא דִינֶערְס זֵיין מֶענֶער נָאר פוּן אֵיינֶער פְרוֹיא, אוּנְד גוּט גֶעוֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער זֵיירֶע קִינְדֶער אוּנְד אִיבֶּער זֵיירֶע הֵייזֶער׃

13 וָוארִין דִיא וָואס זֶענֶען גוּטֶע דִינֶערְס, קוֹיפֶען זִיךְ אֵיין גוּטֶעס אַמְט, אוּנְד פִיל זִיכֶערְהֵייט אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃

14 דָאס שְׁרֵייבּ אִיךְ דִיר, אוּנְד הָאף בַּאלְד צוּ דִיר צוּ קוּמֶען׃

15 אָבֶּער וֶוען אִיךְ וֶועל מִיךְ זוֹימֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא וִויסֶען וִויא דוּא קֶענְסְט דִיךְ אוֹיפְצוּפִירֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן גָאט, וָואס אִיז דִיא גֶעמֵיינְדֶע פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט, דֶער זֵייל אוּנְד דֶער גְרוּנְד פוּן דֶער וָוארְהֵייט׃

16 אוּנְד פַאר גֶעוִויס דָאס גֶעהֵיימְנִיס פוּן דֶער פְרוּמְקַייט אִיז גְרוֹיס; גָאט אִיז אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם פְלֵיישׁ, גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט אִין

דֶעם גֵייסְט, אוּנְד הָאט זִיךְ בַּאוִויזֶען צוּ מַלְאָכִים, אוּנְד וַואר גֶעפְּרֶעדִיגְט צוּ דִיא גוֹיִם, אוּנְד וַואר גֶעלִיבְּט בֵּייא דֶער וֶועלְט, אוּנְד וַואר אַרוֹיפְגֶענוּמֶען צוּ דֶער הֶערְלִיכְקֵייט ׃

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד דֶער גֵייסְט זָאגְט דֵייטְלִיךְ אַז אִין דִיא לֶעצְטֶע צֵייטֶען וֶועלֶען עֶטְלִיכֶע אַוֶועקְפַאלֶען פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען, אוּנְד וֶועלֶען גֶעהָארְכֶען צוּ פַארְאִירְטֶע רוּחוֹת, אוּנְד צוּ דִיא לֶעהְרֶע פוּן שֵׁדִים ׃

2 וָואס רֶעדֶען לִיגֶען מִיט חֲנִיפָה, אוּנְד וָואס זֵייעֶר גֶעוִויסֶען אִיז פַארְבְּרִיהְט אַזוֹי וִויא מִיט אַיין הֵייס אַייזֶען ׃

3 וָואס פַארְבִּיטֶען צוּ הֵייראַטֶען, אוּנְד הֵייסֶען זִיךְ דֶערְוַוייטֶערְן פוּן עֶסֶענְוַוארְג, וָואס גָאט הָאט בֶּעשַׁאפֶען אַז דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען אוּנְד דֶערְקֶענֶען דִיא וָוארְהֵייט זָאלֶען עֶס אָנְנֶעמֶען מִיט דַאנְקבַּארְקֵייט ׃

4 וָוארִין אִיטְלִיכֶעס בֶּעשֶׁעפְנִים פוּן גָאט אִיז גוּט, אוּנְד קֵיין זַאךְ אִיז נִיט צוּ פַארְוַוארְפֶען וֶוען מֶען אַנְטְפַאנְגְט עֶס מִיט דַאנְקבַּארְקֵייט ׃

5 וָוארִין עֶס וֶוערְט גֶעהֵיילִיגְט דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן גָאט אוּנְד דוּרְךְ גֶעבֶּעט ׃

6 וֶוען דוּא וֶועסְט דָאס פָארְלֵייגֶען פַאר דִיא בְּרִידֶער, אַזוֹי וֶועסְט דוּא זַיין אַיין גוּטֶער דִינֶער פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, וָואס אִיז אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען אִין דִיא רֵייד פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אוּנְד פוּן גוּטֶער לֶערְנוּנְג וָואס דוּא הָאסְט נָאכְגֶעפָאלְגְט ׃

7 אָבֶּער פַארְמֵייד אַלְטֶע וַוייבֶּערִישֶׁע אוּנְד אוּמְוֶוערְדִיגֶע נַארִישְׁקֵייטֶען, נֵייעֶרְט בֶּעשֶׁעפְטִיגֶע דִיךְ אִין דֶער גָאטֶעס פוּרְכְט ׃

8 זִיךְ צוּ בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען אִין דֶעם לֵייבּ נִיצְט וֵוינִג אָבֶּער דִיא גָאטֶעס פוּרְכְט נִיצְט צוּ אַלֶעם, אוּנְד עֶס הָאט דִיא הַבְטָחָה פוּן דִיזֶען לֶעבֶּען אוּנְד פוּן דֶעם וָואס וֶועט קוּמֶען ׃

9 דָאס אִיז אֵיינֶע בֶּעגְלֵייבְּטֶע זַאךְ אוּנְד זֶעהְר וֶוערְט צוּ אַנְטְפַאנְגֶען ׃

10 וָוארִין פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אַרְבֵּייטֶען מִיר אוֹיךְ אוּנְד וֶוערֶען גֶעלֶעסְטֶערְט, וַוייל מִיר הָאפֶען אִין דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט, וָואס אִיז דָאס הֵייל פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען, אוּנְד בֶּעזוּנְדֶערְס פוּן דִיא גְלֵייבִּיגֶע ׃

11 דִיזֶעס זָאלְסְט דוּא בֶּעפֶעהְלֶען אוּנְד לֶעהְרֶען ׃

12 לָאז קֵיינֶער נִיט פַארְשֶׁעמֶען דֵיינֶע יוּגֶענְד, נֵייעֶרְט זֵייא אַיין בֵּיישְׁפִּיל פוּן דִיא גְלֵייבִּיגֶע, אִין וָוארְט, אִין הַאנְדְלֶען, אִין לִיבְּשַׁאפְט, אִין דֶעם גֵייסְט, אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען, אוּנְד אִין רֵיינִיגְקֵייט ׃

13 בִּיז אִיךְ וֶועל קוּמֶען גֶעבּ אַכְטוּנְג צוּם לֵיינֶען, צוּם וָוארְנֶען, אוּנְד צוּם לֶערְנֶען ׃

14 הַאלְט נִיט פַאר גְרִינְג דִיא גָאבּ וָואס אִיז אִין דִיר, וָואס אִיז דִיר גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ דֶער נְבוּאָה מִיט דֶעם אוֹיפְלֵייגֶען פוּן דִיא הֶענְד פוּן דִיא זְקֵנִים ׃

15 דֶענְק אָן דִיזֶע זַאכֶען; זֵייא בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין זֵייא; אַז דֵיין גֶעוִוינְסְט זָאל גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען בֵּייא אַלֶע ׃

16 גֶעבּ אַכְטוּנְג אוֹיף דִיר זֶעלְבְּסְט, אוּנְד אוֹיף דִיא לֶערְנוּנְג, בְּלֵייבּ דְרִינֶען, וָוארִין וֶוען דוּא וֶועסְט דִיזֶעס טְהוּן,

וֶועסְט דוּא דִיךְ זֶעלְבְּסְט רֶעטֶּען אוּנְד דִיא וָואס הֶערֶען דִיךְ׃

קאפּיטעל ה

1 שְׁרֵייא נִיט אָן אַיין עֶלְצְטֶען, נֵייעֶרְט בֶּעט אִיהְם וִויא אַיין פָּאטֶער, אוּנְד יוּנְגֶע לֵייט וִויא בְּרִידֶער׃

2 דִיא אַלְטֶע וֵוייבֶּער וִויא מוּטֶערְס, אוּנְד דִיא יוּנְגֶע וִויא שְׁוֶועסְטֶערְס, מִיט אַלֶער רֵיינִיגְקֵייט׃

3 הַאלְט עֶהְרְלִיךְ דִיא אַלְמָנוֹת וָואס זֶענֶען וָואהְרֶע אַלְמָנוֹת׃

4 אוּנְד וֶוען אַיינֶע אַלְמָנָה הָאט קִינְדֶער אָדֶער אֵיינִיקְלֶעךְ, לָאזֶען זַייא צוּם עֶרְשְׁטֶען לֶערְנֶען זַייא זָאלֶען פְּרוּם זַיין אִין דֶערְהֵיים, אוּנְד זָאלֶען גוֹמֵל חֶסֶד זַיין מִיט זַייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, וָוארִין דָאס אִיז גוּט אוּנְד אָנְגֶענוּמֶען צוּ פַאר גָאט׃

5 אוּנְד דִיא וָואס אִיז אַיינֶע וָואהְרֶע אַלְמָנָה אוּנְד וָואס אִיז אַלֵיין, פַארְזִיכֶערְט זִיךְ אִין גָאט, אוּנְד אִיז בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין תְּחִינוֹת אוּנְד גֶעבֶּעט טָאג אוּנְד נַאכְט׃

6 אָבֶּער דִיא וָואס לֶעבְּט אִין פֶּערְגֶענִיגֶען אִיז טוֹיט בֵּייא אִיהְר לֶעבֶּען׃

7 אוּנְד דָאס גֶעבִּיט זֵייא, אַז זֵייא זָאלֶען זַיין אָהְן פֶעהְלֶער׃

8 אָבֶּער דֶער וָואס זָארְגְט נִיט פַאר דָאס זֵיינִיגֶע, אוּנְד בֶּעזוּנְדֶערְס פַאר זַיין הוֹיזְגֶעזִינְד, אַזוֹי הָאט עֶר אָפְּגֶעלֵייקֶענְט דֶעם גְלוֹיבֶּען, אוּנְד אִיז עֶרְגֶער וִויא אַיין אוּמְגְלֵייבִּיגֶער׃

9 לָאז קֵיינֶע אַלְמָנָה נִיט אוֹיסְדֶערְוֵויילְט וֶוערֶען אוּנְטֶער זֶעכְצִיג יָאהְר, אוּנְד וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וֵוייב נָאר פוּן אַיין מַאן׃

01 וָואס הָאט אַיין גוּטֶען נָאמֶען פַאר מַעֲשִׂים טוֹבִים אוֹיבּ זִיא הָאט קִינְדֶער אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען, אוֹיבּ זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען אַיין מַכְנִיס אוֹרֵחַ, אוֹיבּ זִיא הָאט גֶעוַואשֶׁען דִיא פִּיס פוּן דִיא הֵיילִיגֶע, אוֹיבּ זִיא הָאט גֶעהָאלְפֶען דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעלִיטֶען, אוֹיבּ זִיא הָאט נָאכְגֶעפָאלְגְט אִיטְלִיכֶעס גוּטֶע וֶוערְק׃

11 אוּנְד גֶעם נִיט אוֹיף קֵיינֶע יוּנְגֶע אַלְמָנוֹת; וָוארִין וֶוען זֵייא וֶוערֶען פַארְשַׁייט קֶעגֶען מָשִׁיחַ, אַזוֹי וִוילֶען זֵייא הֵיירַאטֶען׃

12 אוּנְד הָאבֶּען אַיין מִשְׁפָּט, וֵוייל זֵייא הָאבֶּען פַארְשֶׁעמְט זֵייעֶר עֶרְשְׁטֶען גְלוֹיבֶּען׃

13 אוּנְד זֵייא לֶערְנֶען אֵייךְ פוֹיל צוּ זַיין אוּנְד אַרוּם צוּ גֵיין אִין דִיא הֵייזֶער; אוּנְד נִיט נָאר פוֹיל, נֵייעֶרְט אוֹיךְ פְּלוֹידֶערֶערְס; אוּנְד זֵייא מִישֶׁען זִיךְ אִין פְרֶעמְדֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, אוּנְד רֶעדֶען דָאס וָואס שְׁטֵייט זֵייא נִיט אָן׃

14 דְרוּם ווּנְשׁ אִיךְ אַז דִיא יוּנְגֶע פְּרוֹיעֶן זָאלֶען הֵיירַאטֶען, אוּנְד זָאלֶען קִינְדֶער הָאבֶּען, אוּנְד זָאלֶען אַיין הוֹיז פִיהְרֶען, אוּנְד זָאלֶען דֶעם פֵיינְד קֵיינֶע גֶעלֶעגֶענְהֵייט נִיט גֶעבֶּען צוּ לֶעסְטֶערֶען׃

15 וָוארִין עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין אָוֶועקְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ דֶעם שָׂטָן׃

16 אוּנְד וֶוען אַיין גְלֵייבִּיגֶער מַאן אָדֶער אַיינֶע גְלֵייבִּיגֶע פְרוֹיא הָאבֶּען אַלְמָנוֹת בֵּייא זִיךְ, לָאזֶען זֵייא זֵייא אוֹיסְהֶעלְפֶען, אוּנְד לָאז דִיא גֶעמֵיינְדֶע נִיט בֶּעשְׁוֶועהְרְט וֶוערֶען; כְּדֵי זִיא זָאל קֶענֶען אוֹיסְהֶעלְפֶען דִיא וָואס זֶענֶען וָואהְרֶע אַלְמָנוֹת׃

17 לָאזֶען דִיא עֶלְצְטֶע וָואס זֶענֶען

גוּטֶע גֶעוֶועלְטִיגֶערְס וֶוערְט זֵיין טָאָ־
פֶּעלְטֶען כָּבוֹד צוּ הָאבֶּען, בֶּעזוּנְדֶערְס
דִיא וָואס אַרְבֵּייטֶען אִין דֶעם וָוארְט
אוּנְד אִין לֶערְנוּנְג:

18 וָוארִין דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט, דוּא
זָאלְסְט נִיט פַארשְׁלִיסֶען דָאס מוֹיל
פוּן דֶעם אָקְס וֶוען עֶר דְרֶעשְׁט; אוּנְד
דֶער אַרְבֵּייטֶער אִיז וֶוערְט זֵיין שָׂכָר:

19 גֶעם נִיט קֵיין פַארקְלָאג קֶעגֶען
אֵיין עֶלְצְטֶען, אוֹיסְגֶענוּמֶען פַאר צְוֵוייא
אָדֶער דְרֵייא עֵדוּת:

20 דִיא וָואס זִינְדִיגֶען זָאלְסְט דוּא
שְׁטְרָאפֶען פַאר אַלֶע, כְּדֵי דִיא אַנְדֶערֶע
זָאלֶען זִיךְ פָארְכְטֶען:

21 אִיךְ בֶּעצֵייג פַאר גָאט אוּנְד פַאר
דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְד פַאר
דִיא אוֹיסְדֶערְוֶוייילְטֶע מַלְאָכִים, אַז דוּא
זָאלְסְט דִיזֶעס הַאלְטֶען אוּנְד זָאלְסְט
קֵיינֶעם נִיט פַארְשׁוֹינֶען, אוּנְד זָאלְסְט
קֵיין זַאךְ נִיט טְהוּן מִיט נְשִׂיאוּת
פָּנִים:

22 לֵייג אוֹיף קֵיינֶעם נִיט פְּלוּצְלִינְג
דִיא הֶענְד, אוּנְד הָאבּ נִיט קֵיין טֵייל
אִין פְרֶעמְדֶע זִינְדֶען; הַאלְט דִיךְ
רֵיין:

23 טְרִינְק נִיט מֶעהְר קֵיין וואַסֶער,
נֵייעֶרְט גֶעם אַבִּיסֶעל וויין פַאר דֵיין
מָאגֶען, אוּנְד ווייל דוּא בִּיסְט אָפְט
קְרַאנְק:

24 דִיא זִינְדֶען פוּן עֶטְלִיכֶע לֵייט
זֶענֶען פְרִיעֶר בֶּעקֶענְט, אוּנְד גֵייעֶן פְרִיעֶר
צוּ דֶעם מִשְׁפָּט; אוּנְד אַנְדֶערֶע לֵייט
טְהוּן זֵייעֶרֶע זִינְדֶען נָאכְפָאלְגֶען:

25 אַזוֹי אוֹיךְ דִיא מַעֲשִׂים טוֹבִים פוּן
עֶטְלִיכֶע לֵייט זֶענֶען פְרִיעֶר בֶּעקֶענְט;
אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען נִיט אַזוֹי קֶענֶען
נִיט פַארְבָּארְגֶען וֶוערֶען:

## קאפיטעל ו

1 דִיא קְנֶעכְט וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער
דֶעם יָאךְ זָאלֶען זֵייעֶרֶע הַארֶען וֶוערְט
הַאלְטֶען צוּ אַלֶען כָּבוֹד, אַז דֶער נָאמֶען
פוּן גָאט אוּנְד דִיא לֶערְנוּנְג זָאלֶען נִיט
גֶעלֶעסְטֶערְט וֶוערֶען:

2 אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען גְלֵייבִּיגֶע
הַארֶען זָאלֶען זֵייא נִיט פַארְשֶׁעמֶען,
ווייל זֵייא זֶענֶען בְּרִידֶער, נֵייעֶרְט לָאזֶען
זֵייא זֵייא בֶּעסֶער דִינֶען, וָוארִין זֵייא
זֶענֶען גֶעטְרֵייא אוּנְד גֶעלִיבְּט, אוּנְד
הָאבֶּען אֵיין טֵייל אִין דֶעם גוּטֶען,
דִיזֶעס זָאלְסְט דוּא לֶעהְרֶען אוּנְד
וָוארְנֶען:

3 וֶוען אֵיינֶער לֶעהְרְט אַנְדֶערְשְׁט
אוּנְד גֶעט נִיט אַכְט צוּ דִיא גוּטֶע רֵייד
פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְד
צוּ דֶער לֶערְנוּנְג וָואס אִיז מִיט גָאטֶעס
פוּרְכְט:

4 אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען, אוּנְד
פַארְשְׁטֵייט גָארְנִיט, נֵייעֶרְט עֶר מַאכְט
זִיךְ פְּלָאגֶען מִיט שַׁאֲלוֹת אוּנְד מַחְלוֹקֶת
אִיבֶּער וֶוערְטֶער, אוּנְד עֶס קוּמְט
דֶערְפוּן אַרוֹיס קִנְאָה, גֶעצַאנְק, לֶעסְ־
טֶערוּנְגֶען, בֵּייזֶע גֶעדַאנְקֶען:

5 מַחְלוֹקֶת פוּן לֵייט וָואס הָאבֶּען אֵיין
פַארְדָארְבֶּעגֶעם פַארְשְׁטַאנְד אוּנְד קֶענֶען
נִיט דִיא וָוארְהֵייט, וָואס דֶענְקֶען אַז
גֶעווינְסְט אִיז גָאטֶעס פוּרְכְט, מְהוּא
דִיךְ אָפּ פוּן זָאלְכֶע לֵייט:

6 אָבֶּער גָאטֶעס פוּרְכְט מִיט צוּ־
פְרִידֶענְהֵייט אִיז גְרוֹיסֶער גֶעווינְסְט:

7 וָוארִין מִיר הָאבֶּען גָארְנִיט אִין דֶער
וֶועלְט אַרֵיין גֶעבְּרַאכְט, אוּנְד עֶס אִיז
גֶעווִיס אַז מִיר קֶענֶען דֶערְפוּן גָארְנִיט
אַרוֹיס פִירֶען:

8 אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען שְׁפֵּייז אוּנְד

קְלֵיידוּנְג לָאזֶען מִיר דֶער מִיט צוּפְרִידֶען זַיין :

9 אָבֶּער דִיא וָואס ווִילֶען רֵייךְ ווערֶען פַאלֶען אַרַיין אִין אַ פְּרִיפוּנְג אוּנְד אִין אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג, אוּנְד אִין פִּילֶע נַארִישֶׁע אוּנְד שֶׁעדְלִיכֶע גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען, וָואס פַארְזִינְקֶען דִיא לֵייט אִין פַארְדַארְבֶּענִים אוּנְד פַארְלוֹירֶענִים :

10 וָוארִין דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן גֶעלְט אִיז דִיא וָוארְצֶעל פוּן אַלֶעם בֵּייזֶען, וָואס אֵיינִיגֶע הָאבֶּען גֶעגְלוּסְט אוּנְד זֶענֶען פַארְפִירְט גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטָאכֶען מִיט פִּיל ווֵייטָאג :

11 אָבֶּער דוּא, אוֹי מַאן פוּן גָאט, פְלִיה פוּן דִיזֶען, אוּנְד יָאג נָאךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, גָאטֶעס פוּרְכְט, גְלוֹיבֶּען, לִיבְּשַׁאפְט, גֶעדוּלְד, אוּנְד זַאנְפְטמוּטִיגְקֵייט :

12 שְׁטְרֵייט דֶעם גוּטֶען שְׁטְרֵייט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען, דֶערגְרֵייף דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען, צוּ ווֶעלְכֶען דוּא בִּיסְט אוֹיךְ בֶּערוּפֶען, אוּנְד הָאסְט אָפְּגֶעלֵייגְט אֵיין גוּט בֶּעקֶענְטְנִים פַאר פִּילֶע עֵדוּת :

13 אִיךְ גֶעבִּיט דִיר פַאר גָאט וָואס מַאכְט אַלֶעם לֶעבֶּעדִיג, אוּנְד פַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ וָואס הָאט בֶּעצֵייגְט אֵיין גוּט בֶּעקֶענְטְנִים פַאר פָּנְטִיוּס פִּילָאטוּס :

14 אַז דוּא זָאלְסְט הַאלְטֶען דָאס גֶעבָּאט אָהְן אֵיין פְלֶעק, אוּנְד אָהְן אֵיין פֶּעהְלֶער, בִּיז צוּם אַנְטפְּלֶעקֶען פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ :

15 דֶער וָואס ווֶעט ווֵייזֶען מִיט דֶער צֵייט וָואס אִיז גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנְד אִיז אַלֵיין מֶעכְטִיג, דֶער קֶענִיג פוּן קֶענִיגֶע אוּנְד דֶער הַאר פוּן הַארֶען :

16 וָואס הָאט אַלֵיין אוּמְשְׁטֶערְבְּלִיכְקֵייט, וָואס ווָאוינְט אִים לִיכְט וָואס מֶען קֶען דֶערְצוּ נִיט צוּטְרֶעטֶען, ווֶעלְכֶען עֶס הָאט קֵיין מֶענְשׁ נִיט גֶעזֶעהֶען אוּנְד קֶען אִיהְם נִיט זֶעהֶען, צוּ אִיהְם אִיז דֶער כָּבוֹד אוּנְד דִיא אֵייבִּיגֶע מַאכְט אָמֵן :

17 גֶעבִּיט דִיא וָואס זֶענֶען רֵייךְ אִין דִיזֶער ווֶעלְט, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט הוֹיכְמוּטְהִיג זַיין, אוּנְד זָאלֶען זִיךְ נִיט פַארְזִיכֶערְן אִין רֵייכְטְהוּם וָואס אִיז נִיט גֶעווִיס, נֵייעֶרְט אִין דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט וָואס גִיבְּט אוּנְס אַלֶעס רֵייכְלִיךְ צוּ גֶענִיסֶען :

18 אַז זֵייא זָאלֶען גוּטֶעס טְהוּן, אוּנְד זָאלֶען רֵייךְ זַיין אִין מַעֲשִׂים טוֹבִים, אוּנְד זָאלֶען זַיין פְרֵייווִילִיג, אוּנְד זָאלֶען גֶעבֶּען צְדָקָה :

19 זֵייא זָאלֶען זִיךְ אָפְּלֵייגֶען אֵיין גוּטֶען גְרוּנְד לְעוֹלָם הַבָּא, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען עֶרגְרֵייפֶען דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען :

20 אוֹי טִימָעטֶעאוּס, הִיט דָאס וָואס אִיז דִיר פַארְטְרוֹיט, אוּנְד פַארְמֵייד אוּמְווֶערְדִיגֶע אוּנְד אוּנְפֶּערְנִינְפְטִיגֶע רֵייד, אוּנְד דָאס גֶעצַאנְק פוּן פַאלְשֶׁער ווִיסֶענְשַׁאפְט :

21 וָואס עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעאִירְט אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען ; גְנָאד זֵייא מִיט דִיר, אָמֵן :

דער ערשטער בריף פון טימאטעוס, וואר געשריבען פון לאודיקיא וואס איז דיא הויפט שטאט פון פרוגיא פאקאטיאנא.

# דֶער צְווֵייטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פּוּלוּס צוּ טִימָאטֶעוּס

1 פּוּלוּס, אֵיין אַפָּסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דוּרְךְ דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט, נָאךְ דֶער הַבְטָחָה פוּן לֶעבֶּען וָואס אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃

2 צוּ מֵיין גֶעלִיבְּטֶען זוּהְן טִימָאטֶעוּס, גְנָאד, בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט, אוּנְד פְרִידֶען פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃

3 אִיךְ דַאנְק גָאט וָואס אִיךְ דִין אִיהְם פוּן מֵיינֶע אָבוֹת מִיט אֵיין רֵיין גֶעווִיסֶען, ווֵייל אִיךְ גֶעדֶענְק דִיךְ אָהְן אוֹיפְהֶער אִין מֵיינֶע גֶעבֶּעטֶע טָאג אוּנְד נַאכְט׃

4 אוּנְד אִיךְ פַארְלַאנְג דִיךְ צוּ זֶעהֶען, ווֶען אִיךְ גֶעדֶענְק דֵיינֶע טְרֶערֶען, אַז אִיךְ זָאל דֶערְפִילְט זֵיין מִיט פְרֵייד׃

5 ווֶען אִיךְ דֶערְמָאהְן מִיךְ אָן דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס אִיז אִין דִיר אָהְן חֲנִיפָה, וָואס הָאט פְרִיר גֶעווָאוֹינְט אִין דֵיינֶע עֶלְטֶער־מוּטֶער לָאִיס, אוּנְד אִין דֵיינֶע מוּטֶער אוּנִיקָא; אוּנְד אִיךְ בִּין פַארְזִיכֶערְט אַז עֶס אִיז אוֹיךְ אִין דִיר׃

6 דְרוּם דֶערְמָאהְן אִיךְ דִיךְ דוּא זָאלְסְט דֶערְוֶועקֶען דִיא גָאבּ פוּן גָאט וָואס אִיז אִין דִיר דוּרְךְ דֶעם אוֹיפְלֵייגֶען פוּן מֵיינֶע הֶענְד׃

7 ווָארִין גָאט הָאט אוּנְס נִיט גֶעגֶעבֶּען דֶעם גֵייסְט פוּן פוּרְכְט, נֵייעֶרְט פוּן מַאכְט אוּנְד לִיבְּשַׁאפְט, אוּנְד פוּן אֵיין רֵיינֶעם פַארְשְׁטַאנְד׃

8 דְרוּם שֶׁעם דִיךְ נִיט מִיט דֶעם צֵייגְנִיס פוּן אוּנְזֶער הַאר, אוּנְד מִיט מִיר זֵיין גֶעפַאנְגֶענֶעם: נֵייעֶרְט נֶעם אֵיין טֵייל אִין דִיא לֵיידֶען פוּן דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם נָאךְ דֶער מַאכְט פוּן גָאט׃

9 וָואס הָאט אוּנְס זֶעלִיג גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט אוּנְס בֶּערוּפֶען מִיט אֵיינֶע הֵיילִיגֶע בֶּערוּפוּנְג, נִיט נָאךְ אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים, נֵייעֶרְט נָאךְ זֵיין אֵייגֶענֶעם פָארְזַאץ אוּנְד גְנָאד וָואס אִיז אוּנְס גֶעגֶעבֶּען גֶעווָארֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ פוּן אֵייבִּיגֶע צֵייטֶען׃

10 אוּנְד אִיז אַצוּנְד אַנְטפְּלֶעקְט גֶעווָארֶען דוּרְךְ דֶעם קוּמֶען פוּן אוּנְזֶער רֶעטֶער יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, וָואס הָאט צֶעשְׁטֶערְט דֶעם טוֹיט, אוּנְד הָאט צוּ דֶעם לִיכְט גֶעבְּרַאכְט דָאס לֶעבֶּען אוּנְד אוּנְפַארְדֶערְבֶּענִיס דוּרְךְ דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם׃

11 וָואס אִיךְ בִּין דְרִיבֶּער גֶעזֶעצְט אֵיין פְרֶעדִיגֶער אוּנְד אֵיין אַפָּאסְטֶעל אוּנְד אֵיין לֶעהְרֶער פוּן דִיא גוֹיִם׃

12 אוּנְד דְרוּם לֵייד אִיךְ אוֹיךְ דִיזֶע זַאכֶען; אָבֶּער אִיךְ בִּין נִיט פַארְשֶׁעמְט, ווָארִין אִיךְ ווֵייס אִין ווֶעמֶען אִיךְ הָאבּ גֶעגְלֵייבְּט, אוּנְד אִיךְ בִּין פַארְזִיכֶערְט אַז עֶר קֶען בֶּעווָאהְרֶען דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהְם פַארְטְרוֹיעֶט צוּ דִיזֶען טָאג׃

13 הַאלְט פֶעסְט דִיא פָארְשְׁרִיפְט פוּן

גוטֶע רֵייד, וָאס דוא הָאסְט פוּן מִיר גֶעהֶערְט אִין גְלוֹיבֶּען אוּנְד אִין לִיבְּ־שַׁאפְט וָאס אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ׃
14 הִיט דָאס גוּטֶע וָאס אִיז דִיר אָנְפֶערטְרוֹיט דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וָאס וְואוֹינְט אִין אוּנְס׃
15 דוּא וְוייסְט דָאס, אַז אַלֶע וָאס זֶענֶען אִין אַזְיָא הָאבֶּען זִיךְ פוּן מִיר אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט; אוּנְד צְוִוישֶׁען זֵייא אִיז פִיגֶעלוּס אוּנְד הֶערְמָאגֶענִיס׃
16 דֶער הַאר זָאל לֵייטְזֶעלִיגֶען דָאס הוֹיז פוּן אָנֶעזִיפָארוּס; וָוארִין עֶר הָאט מִיךְ אָפְט דֶערקְוִויקְט, אוּנְד הָאט זִיךְ נִיט גֶעשֶׁעמְט מִיט מֵיינֶע קֵייטֶען׃
17 נֵייעָרְט וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין רוֹים הָאט עֶר מִיךְ זֶעהְר גֶעזוּכְט אוּנְד הָאט מִיךְ גֶעפוּנֶען׃
18 דֶער הַאר זָאל אִיהְם גֶעבֶּען אַז עֶר זָאל גֶעפוּנֶען גְנָאד בֵּייא דֶעם הַאר אִין דִיזֶען טָאג; אוּנְד וִויא פִיל עֶר הָאט מִיר גֶעדִינְט אִין עֶפֶעזוּס וֵוייסְט דוּא זֶעהְר גוּט׃

קאפיטעל ב

1 אוּנְד דוּא מֵיין זוּהְן, זֵייא שְׁטַארְק אִין דֶער גְנָאד וָאס אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ׃
2 אוּנְד וָאס דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט פוּן מִיר דוּרְךְ פִילֶע צֵייגֶען, דָאס אִיבֶּערְגֶעבּ צוּ גֶעטְרֵייעֶ לֵייט, וָאס זָאלֶען קֶענֶען אַנְדֶערֶע אוֹיךְ לֶערְנֶען׃
3 דְרוּם לֵייד בֵּייז וִויא אֵיין גוּטֶער זֶעלְנֶער פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ׃
4 קֵיינֶער וָאס שְׁטְרֵייט פַארְוִויקֶעלְט זִיךְ נִיט אִין דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם לֶעבֶּען; כְּדֵי עֶר זָאל גֶעפַאלֶען דֶעם וָאס הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען פַאר אֵיין זֶעלְנֶער׃
5 אוּנְד וֶוען אֵיינֶער טְהוּט אוֹיךְ פֶעכְטֶען, אַזוֹי וֶוערְט עֶר נִיט גֶעקְרֵיינְט וֶוען עֶר פֶעכְט נִיט רִיכְטִיג׃
6 דֶער אַקֶערְמַאן וָאס טְהוּט אַרְבֵּייטֶען קֶעהְרְט צוּם עֶרְשְׁטֶען אֵיין טֵייל צוּ גֶעמֶען פוּן דִיא פְרוּכְט׃
7 פַארשְׁטֵייא וָאס אִיךְ זָאג; אוּנְד דֶער הַאר וֶועט דִיר גֶעבֶּען פַארשְׁטַאנְד אִין אַלֶעם׃
8 גֶעדֶענְק אַז יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ פוּן דֶעם זָאמֶען פוּן דָוִד אִיז פוּן דֶעם טוֹיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, נָאךְ מֵיין עֶוַואנְגֶע־לִיוּם׃
9 פַאר וֶועלְכֶען אִיךְ לֵייד בֵּייז בִּיז צוּ קֵייטֶען, וִויא אֵיינֶער וָאס טְהוּט בֵּייז; אָבֶּער דָאס וָוארט פוּן גָאט אִיז נִיט גֶעבּוּנְדֶען׃
10 דְרוּם לֵייד אִיךְ אַלֶעס פַאר דִיא אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְטֶע, אַז זֵייא זָאלֶען אוֹיךְ דֶערְהַאלְטֶען דִיא זֶעלִיגְקֵייט וָאס אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ מִיט אֵייבִּיגֶער הֶערְ־לִיכְקֵייט׃
11 דָאס אִיז אֵיינֶע בֶּעגְלֵייבְּטֶע זַאךְ; וָוארִין וֶוען מִיר שְׁטַארְבֶּען מִיט אִיהְם, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אוֹיךְ מִיט אִיהְם לֶעבֶּען׃
12 וֶוען מִיר לֵיידֶען, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אוֹיךְ מִיט אִיהְם הֶערְשֶׁען; וֶוען מִיר פַארְלֵייקֶענֶען אִיהְם אַזוֹי וֶועט עֶר אוּנְס אוֹיךְ פַארְלֵייקֶענֶען׃
13 וֶוען מִיר גְלֵייבֶּען נִיט, אַזוֹי בְּלֵייבְּט עֶר דָאךְ גֶעטְרֵייא, עֶר קֶען זִיךְ זֶעלְבְּסְט נִיט פַארְלֵייקֶענֶען׃
14 דֶערְמָאהְן זֵייא אָן דִיזֶע זַאכֶען, אוּנְד בֶּעצֵייג פַאר דֶעם הַאר זֵייא זָאלֶען נִיט צַאנְקֶען אִיבֶּער וֶוערְטֶער, וָאס נוּצְט גָארְנִיט, אוּנְד וָאס

פאַרְדאַרְבּט דִיא וָואס הֶערֶען עֶס :
15 פְּלֵייסִיג דִיךְ אַז דוּא זָאלְסְט דִיךְ
בֶּעווייזֶען גֶעפְּרוּפְט צוּ פַאר גָאט ווִיא
אֵיין אַרְבֵּייטֶער וָואס בֶּעדאַרְף זִיךְ נִיט
צוּ שֶׁעמֶען, וָואס צוּטֵיילְט רִיכְטִיג דָאס
וָוארְט פוּן וָואהְרהֵייט :
16 אָבֶּער מְהוּא דִיךְ אָפּ פוּן אוּמְ־
ווֶערְדִיגֶע אוּנְד אוּמְזוּנְסטִיגֶע רֵייד ;
ווָארִין עֶס הֶעלְפְט נָאר דִיא גָאטְלָאזִיגְ־
קֵייט צוּ פַארְמֶעהְרֶען :
17 אוּנְד זֵיירֶע רֵייד עֶסֶען ווִיא אֵיין
קְרֶעבְּס ; צְווִישֶׁען ווֶעלְכֶע עֶס זֶענֶען
הִימֶנֶעאוּס אוּנְד פִילֶעטוּס :
18 וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעאִירְט וֶועגֶען
דֶער וָואהְרהֵייט, וָואס זָאגֶען אַז תְּחִיַית
הַמֵתִים אִיז שׁוֹין פַארְבֵּייא ; אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעקֶעהְרְט דֶעם גְלוֹיבֶּען
פוּן עֶטְלִיכֶע :
19 אָבֶּער דָאךְ שְׁטֵייט דֶער גְרוּנְד
פוּן גָאט פֶעסְט, אוּנְד עֶס הָאט דִיזֶען
זִיגֶעל, דֶער הַאר קֶען דִיא וָואס זֶענֶען
זַיין ; אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס רוּפְט אָן
דֶעם נָאמֶען פוּן מָשִׁיחַ לָאז עֶר זִיךְ
אָפּטְהוּן פוּן אוּמְרֶעכְט :
20 אוּנְד אִין אֵיין גְרוֹיס הוֹיז אִיז נִיט
אַלֵיין פַארְהַאנְדֶען גָאלְדֶענֶע אוּנְד זִילְ־
בֶּערְנֶע כֵּלִים, נֵייעֶרְט אוֹיךְ הִילְצֶערְנֶע
אוּנְד אִירְדִישֶׁע ; אוּנְד אֵיינְס צוּ כָּבוֹד,
אוּנְד דָאס אַנְדֶערֶע צוּ שַׁאנְד :
21 דְרוּם ווֶען אֵיינֶער ווֶעט זִיךְ
רֵיינִיגֶען פוּן דִיזֶען, אַזוֹי ווֶעט עֶר זַיין
אֵיין כְּלִי צוּ כָּבוֹד, גֶעהֵיילִיגְט אוּנְד
נוּצְלִיךְ צוּ דֶעם הַאר, אוּנְד אָנְגֶעבְּרֵייט
פַאר אִיטְלִיכֶען גוּטֶען ווֶערְק :
22 אָבֶּער אַנְטְלוֹיף פוּן דִיא גְלוּסְטִיגְ־
קֵייטֶען פוּן דֶער יוּגֶענְד ; אוּנְד יָאג
נָאךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, גְלוֹיבֶּען, לִיבְּשַׁאפְט,
אוּנְד פְרִידֶען מִיט דִיא וָואס רוּפֶען אָן
דֶעם הַאר מִיט אֵיין רֵיין הַארְץ :
23 אוּנְד פַארְמֵייד נַארִישֶׁע אוּנְד
אוּנְגֶעלֶעהְרְטֶע שַׁאֲלוֹת, ווָארִין דוּא
ווֵייסְט אַז זֵייא מַאכֶען נָאר גֶעצַאנְק :
24 אָבֶּער דֶער קְנֶעכְט פוּן דֶעם הַאר
קֶעהְר נִיט צוּ צַאנְקֶען, נֵייעֶרְט גֶעלִינְד
צוּ זַיין צוּ אַלֶע, אוּנְד אֵיין גוּטֶער
לֶעהְרֶער, וָואס קֶען אַפִּילוּ בֵּייז לֵיידֶען :
25 אוּנְד וָואס קֶען שְׁטְרָאפֶען מִיט
אֵיין נִידְרִיג גֶעמִיט דִיא וָואס זֶעצֶען
זִיךְ דֶערְווִידֶער ; טָאמֶער ווֶעט זֵייא
גָאט גֶעבֶּען תְּשׁוּבָה זֵייא זָאלֶען דֶערְ־
קֶענֶען דִיא וָואהְרהֵייט :
26 אוּנְד אַז זֵייא זָאלֶען דֶערְוָועקְט
ווֶערֶען פוּן דֶער שְׁטְרוּיכְלוּנְג פוּן דֶעם
שָׂטָן, וָואס זֶענֶען בֵּייא אִיהְם גֶעפַאנְגֶען
נָאךְ זַיין ווִילֶען :

## קאפיטעל ג

1 אוּנְד דָאס זָאלְסְט דוּא ווִיסֶען, אַז
אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג ווֶעלֶען זַיין
פוּרְכְטֶערְלִיכֶע צֵייטֶען :
2 ווָארִין דִיא לֵייט ווֶעלֶען זִיךְ זֶעלְבְּסְט
לִיבֶּען, אוּנְד ווֶעלֶען גֶעלְט לִיבּ הָאבֶּען,
אוּנְד ווֶעלֶען זַיין בְּרִיהְמֶערְס, הוֹיכְמוּ־
טִיג, לֶעסְטֶערֶערְס, ווִידֶערשְׁפֶּענִיג קֶעגֶען
דִיא עֶלְטֶערְן, אוּמְדַאנְקְבַּאר, אוּמְהֵיילִיג :
3 אַכְזָרִים, אוּמְגֶעטְרֵייא, פַארקְלֶעגֶערְס,
אוּמְקֵיישִׁיג, הַארְטֶע לֵייט, וָואס לִיבֶּען
נִיט דָאס גוּטֶע :
4 מוֹסְרִים, הִיצִיג, אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען,
וָואס לִיבֶּען דָאס פַארְגְנִיגֶען מֶעהְר
ווִיא זֵייא לִיבֶּען גָאט :
5 וָואס הָאבֶּען אֵיין גֶעשְׁטַאלְט פוּן
גָאטֶעס־פוּרְכְט, אָבֶּער זֵייא פַארְלֵייְ־
קֶענֶען דִיא מַאכְט דֶערְפוּן ; אוּנְד פוּן
זָאלְכֶע לֵייט קֶעהְר דִיךְ אָפּ :

6 וָוארִין פוּן זַייא זֶענֶען דִיא וָואס קְרִיכֶען אִין הַייזֶער אַרַיין, אוּנְד נֶעמֶען גֶעפַאנְגֶען נַארֶעשֶׁע ווַייבֶּער וָואס זֶענֶען בֶּעלָאדֶען מִיט זִינְד, אוּנְד זֶענֶען פֶערְפִיהְרט מִיט פִילֶערְלַייא גְלוּסְטִינְקַייט:

7 וָואס לֶערְנֶען תָּמִיד, אוּנְד קֶענֶען קַיין מָאל נִיט קוּמֶען צוּ דֶער ווִיסֶענְשַׁאפְט פוּן דֶער וָוארְהַייט:

8 אוּנְד אַזוֹי ווִיא יַאנֵים אוּנְד יַאמְבְּרִים הָאבֶּען זִיךְ דֶערווִידֶער גֶעזֶעצְט קֶעגֶען מֹשֶׁה, אַזוֹי ווִידֶערזֶעצֶען זִיךְ דִיזֶע אוֹיךְ קֶעגֶען דֶער וָוָאהְרהַייט; לַייט וָואס הָאבֶּען אַיין פַארדָארבֶּענֶעם פַארשְׁטַאנְד, אוּנְד זֶענֶען פַארְוָוארְפֶען פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען:

9 אָבֶּער זַייא וָועלֶען נִיט ווַייטֶער קוּמֶען; וָוארִין זַיירֶע נַארִישְׁקַייט וָועט עֶפֶענְטלִיךְ בֶּעקֶענְט זַיין צוּ אַלֶע לַייט, אַזוֹי ווִיא זַייעֶרֶס אִיז גֶעוֶועזֶען:

10 אָבֶּער דוּא הָאסְט נָאכְגֶעפָאלְגְט מֵיינֶע לֶערְנוּנְג, מֵיין אוֹיפְפִיהרֶען, מֵיין פָארְנֶעמֶען, מֵיין גְלוֹיבֶּען, מֵיינֶע לַאנְגְמוּטִיגְקַייט, מֵיינֶע לִיבְּשַׁאפְט, מֵיינֶע גֶעדוּלְד:

11 מֵיינֶע פַארפָאלְגוּנְגֶען, מֵיינֶע לֵיידֶען, וָואס זֶענֶען אִיבֶּער מִיר גֶעקוּמֶען אִין אַנְטִיוֹכְיָא, אִין אִיקוֹנְיָא, אוּנְד אִין לוּסְטְרָא, זָאלְכֶע פַארפָאלְגוּנְגֶען הָאבּ אִיךְ גֶעלִיטֶען, אוּנְד דֶער הַאר הָאט מִיךְ מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן אַלֶעם:

12 אוּנְד אַלֶע וָואס ווִילֶען לֶעבֶּען פְרוּם אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ וֶועלֶען פֶערְפָאלְגְט וֶוערֶען:

13 אָבֶּער בֵּייזֶע לַייט אוּנְד פַארְפִירֶערְס וֶועלֶען עֶרְגֶער אוּנְד עֶרְגֶער וֶוערֶען, אוּנְד וֶועלֶען פַארְפִירֶען אוּנְד פַארְפִירְט וֶוערֶען:

14 אָבֶּער בְּלֵייבּ דוּא אִין דֶעם וָואס דוּא הָאסְט גֶעלֶערֶענְט אוּנְד וָואס אִיז דִיר פֶערטְרוֹיעֶט גֶעוָוארֶען, ווִיא דוּא ווֵייסְט פוּן וֶועמֶען דוּא הָאסְט עֶס גֶעלֶערֶענְט:

15 אוּנְד אַז דוּא הָאסְט פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד אוֹיף גֶעקֶענְט דִיא הֵיילִיגֶע שְׁרִיפְט, וָואס קֶען דִיךְ קְלוּג מַאכֶען צוּר זֶעלִיגְקַייט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:

16 דִיא גַאנְצֶע שְׁרִיפְט אִיז פוּן דֶעם רוּחַ פוּן גָאט, אוּנְד אִיז נוּצְלִיךְ צוּ לֶערְנֶען, צוּר שְׁטְרָאף, צוּם פַארבֶּעסֶערְן, צוּ מוּסָר וָואס אִיז אִין גֶערֶעכְטִיגְקַייט:

17 אַז דֶער מַאן פוּן גָאט זָאל זַיין גַאנְץ אוּנְד צוּבֶּערֵייטֶעט צוּ אִיטְלִיכֶען גוּטֶען וֶוערְק:

קאפיטעל ד

1 אוּנְד אִיךְ בֶּעצֵייג דִיר צוּ פַאר גָאט, אוּנְד פַאר דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וָואס וֶועט רִיכְטֶען דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע אוּנְד דִיא טוֹיטֶע וֶוען עֶר וֶועט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען אִין זַיין קֶענִיגְרֵייךְ:

2 פְּרֶעדִיגֶע דָאס וָוארְט, זַייא בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין דֶער צֵייט אוּנְד אוֹיסֶער דֶער צֵייט, שְׁטְרָאף, שְׁרֵייא אָן, טְרֵייסְט מִיר אַלֶער גֶעדוּלְד אוּנְד לֶערְנוּנְג:

3 וָוארִין דִיא צֵייט וֶועט קוּמֶען וֶוען זַייא וֶועלֶען נִיט פַארטְרָאגֶען קֵיינֶע גוּטֶע לֶערְנוּנְג נֵייעֶרְט נָאךְ זַיירֶע אֵייגֶענֶע גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען וֶועלֶען זַייא זִיךְ אָנְלָאדֶען לֶעהְרֶערְס כְּדֵי זַיירֶע אֵייגֶענֶע לוּסְט צוּ טְהוּן:

4 אוּנְד זַייא וֶועלֶען זַיירֶע אוֹירֶען אַוֶועקְקֶערֶען פוּן דֶער וָוארְהַייט אוּנְד וֶועלֶען זִיךְ קֶערֶען צוּ נַארִישֶׁע רֵייד:

5 אָבֶּער וַואךְ דוּא אִין אַלֶעם, לֵייד
בֵּייז, טְהוּא דָאס וֶוערְק פוּן אֵיין
עֶוואַנְגֶעלִיסְט, דֶערְפִּיל דֵיין דִינְסט :
6 וָוארִין אִיךְ בִּין שׁוֹין פַארְטִיג אֵיין
קָרְבָּן צוּ זַיין, אוּנְד דִיא צֵייט פוּן מֵיין
אָפְּשֵׁייד אִיז נָאהְנט גֶעקוּמֶען :
7 אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁטְרִיטֶען אֵיין גוּטֶען
שְׁטְרֵייט, אִיךְ הָאבּ גֶעעֶנְדִיגְט מֵיין
לוֹיף, אִיךְ הָאבּ גֶעהַאלְטֶען דֶעם
גְלוֹיבֶּען :
8 אוּנְד אַצוּנְד אִיז פַאר מִיר אָפְּ־
גֶעלֵייגְט אַ קְרוֹין פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט,
וָואס דֶער הַאר, דֶער גֶערֶעכְטֶער רִיכְ־
טֶער וֶועט מִיר גֶעבֶּען אִין דִיזֶען טָאג,
אוּנְד נִיט צוּ מִיר אַלֵיין, נֵייעֶרְט אוֹיךְ
צוּ אַלֶע, וָואס לִיבֶּען זַיין אַנְטְפְּלֶעקֶען׃
אֵייל דִיךְ בַּאלְד צוּ מִיר צוּ קוּמֶען :
9 וָוארִין דֶעמַאס הָאט מִיךְ פַארְלָאזְט
וַוייל עֶר הָאט גֶעלִיבְּט דִיזֶע וֶועלְט, אוּנְד
אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען קֵיין טֶעסַאלוֹנִיקָא :
10 אוּנְד קְרִיסְקִים אִיז גֶעגַאנְגֶען קֵיין
גַאלַאטְיָא, אוּנְד טִיטוּס קֵיין דַלְמָאטְיָא :
11 לוּקַאס אִיז אַלֵיין מִיט מִיר, נֶעם
מַארְקוּס אוּנְד בְּרֶענְג אִיהְם מִיט דִיר
וָוארִין עֶר אִיז מִיר נוּצְלִיךְ צוּ דֶעם
דִינְסְט :
12 אִיךְ הָאבּ טִיכִיקוּס גֶעשִׁיקְט קֵיין
עֶפֶּעזוּס :
13 וֶוען דוּא וֶועסְט קוּמֶען אַזוֹי בְּרֶענְג
מִיט דִיר דֶעם מַאנְטֶעל וָואס אִיךְ הָאבּ
אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אִין טְרוֹיאַס בֵּייא קַארְפּוּס,
אוּנְד אוֹיךְ דִיא בִּיכֶער, אוּנְד בֶּעזוּנְדֶערְס
דִיא פַּארְגַאמֶענְטֶען :
14 אַלֶכְּסַנְדֶער דֶער קוּפֶּער שְׁמִיד הָאט
מִיר פִּיל שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן, לָאז אִיהְם
דֶער הַאר בֶּעצָאלֶען נָאךְ זַיינֶע מַעֲשִׂים :
15 אוּנְד הִיט דוּא דִיךְ אוֹיךְ פַאר
אִיהְם וָוארִין עֶר הָאט זִיךְ זֵייעֶר דֶערְ־
ווִידֶער גֶעזֶעצְט קֶעגֶען אוּנְזֶערֶע רֵייד :
16 בֵּייא מֵיינֶע עֶרְשְׁטֶע פַארֶענְטְפֶער
אִיז קֵיינֶער נִיט מִיט מִיר גֶעוֶועזֶען,
נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען מִיךְ אַלֶע פַארְ־
לָאזֶען. לָאז עֶס זֵייא נִיט גֶערֶעכֶענְט
וֶוערֶען פַאר אַ זִינְד :
17 אָבֶּער דֶער הַאר אִיז בֵּייא מִיר
גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט מִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט,
אַז דָאס פְּרֶעדִיגֶען זָאל דוּרְךְ מִיר
דֶערְפִילְט וֶוערֶען, אוּנְד אַזוֹי אַז אַלֶע
גוֹיִם זָאלֶען הֶערֶען, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶער־
רֶעטֶעט גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם מוֹיל פוּן
דֶעם לֵייבּ :
18 אוּנְד דֶער הַאר וֶועט מִיךְ רֶעטֶען
פוּן אִיטְלֶעכֶען בֵּייזֶען וֶוערְק, אוּנְד וֶועט
מִיךְ בֶּעוָואהְרֶען צוּ זַיין הִימְלִישֶׁען
קֶענִיגְרֵייךְ, צוּ אִיהְם אִיז דֶער כָּבוֹד
פוּן אֵייבִּיגְקֵייט צוּ אֵייבִּיגְקֵייט, אָמֵן :
19 גְרִיס פְּרִיסְקִילָא אוּנְד אַקְווִילָא,
אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אַנִיסִיפָארוּס :
20 עֶרַאסְטוּס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין
קָארִינְט, אוּנְד טְרָאפִימוּס הָאבּ אִיךְ
אִיבֶּער גֶעלָאזְט קְרַאנְק אִין מִילִיטוּס :
21 אֵייל דִיךְ צוּ קוּמֶען פַאר דֶעם
ווִינְטֶער, אִיבּוּלוּס גְרִיסְט דִיךְ אוּנְד
פוּדֶענְס, אוּנְד לִינוּס, אוּנְד קְלוֹדְיָא,
אוּנְד אַלֶע בְּרִידֶער :
22 דֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זֵייא מִיט
דֵיין גֵייסְט. גְנָאד זֵייא מִיט אֵייךְ,
אָמֵן :

דער צווייטער בריף צו טימאטעוס, דער ערשטער בישאף וואס וואר אויסדערוויילט צו דער קהלה פון עפעזוס, וואר געשריבען פון רום, ווען פולוס וואר דאס צווייטע מאל געבראכט פאר נירו דעם קיסר.

דער

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פּוּלוּס צוּ טִיטוּס.

1 פּוּלוּס, אֵיין קְנֶעכְט פוּן גָאט, אוּנְד אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, נָאךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן דִיא אוֹיסְדֶערְוֶוערְלְטֶע פוּן גָאט אוּנְד דִיא וִויסֶענְשַׁאפְט פוּן דֶער וָוארְהֵייט וָואס אִיז מִיט פְרוּמִיג־קֵייט :

2 אִין דֶער הָאפְנוּנְג פוּן דֶעם אֵייבִּיגֶען לֶעבֶּען, וָואס גָאט, וָואס קֶען קֵיין לִיגֶען נִיט זָאגֶען, הָאט מַבְטִיחַ גֶעוֶועזֶען פוּן אֵייבִּיגֶע צֵייטֶען :

3 אוּנְד עֶר הָאט זֵיין וָוארְט אַנְט־פְּלֶעקְט צוּ דֶער רֶעכְטֶער צֵייט, דוּרְךְ דֶעם פְּרֶעדִיגֶען וָואס אִיז מִיר אָנְפַארְ־טְרוֹיעֶט נָאךְ דֶעם גֶעבָּאט פוּן גָאט אוּנְזֶער הֶעלְפֶער :

4 צוּ טִיטוּס מֵיין אֵייגֶענֶעם זוּהְן נָאךְ דֶעם גֶעמֵיינְשַׁאפְטְלִיכֶען גְלוֹיבֶּען, גְנָאד, בַּארְמְהַארְצִיגְקֵייט, אוּנְד שָׁלוֹם פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער אוּנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶער הֶעלְפֶער :

5 אִיךְ הָאבּ דִיךְ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אִין קְרֶעטַא, אַז דוּא זָאלְסְט צוּרֶעכְט שְׁטֶעלֶען דָאס וָואס פֶּעהְלְט, אוּנְד זָאלְסְט זֶעצֶען עֶלְצְטֶע אִין אִיטְלִיכֶער שְׁטָאט, וִויא אִיךְ הָאבּ דִיר בֶּעפוֹילֶען :

6 אוֹיבּ אֵיינֶער אִיז אָהְן אֵיין פֶּעהְלֶער, דֶער מַאן נָאר פוּן אֵיין ווייבּ, וָואס הָאט גֶעטְרֵייעֶ קִינְדֶער, אוּנְד אִיז נִיט פַארְקְלָאגְט וֶועגֶען פְרֶעסֶערֵייא, אוּנְד אִיז נִיט וִוידֶערְשְׁפֶּענִיג :

7 וָוארִין אֵיין בִּישָׁאף מוּז זֵיין אָהְן אֵיין פֶּעהְלֶער, וִויא דֶער פַארְוַואלְטֶער פוּן גָאט, נִיט הוֹיכְמוּטִיג, נִיט צָארְנִיג, נִיט קֵיין וויין זוֹיפֶער, נִיט קֵיין שְׁלֶעגֶער, נִיט גֵייצִיג נָאךְ שֶׁענְדְלִיכֶען גֶעוִוינְסְט :

8 גֵייעָרְט אֵיין מַכְנִיס אוֹרֵחַ, אֵיין לִיבְּהָאבֶּער פוּן גוּטֶען, זוֹיבֶּער, גֶערֶעכְט, הֵיילִיג, מֶעסִיג :

9 וָואס הַאלְט פֶעסְט דָאס בֶּעגְלֵייבְּטֶע וָוארְט אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעלֶערְנְט, אַז עֶר זָאל קֶענֶען וָוארְנֶען מִיט גוּטֶער לֶערְנוּנְג, אוּנְד שְׁטְרָאפֶען דִיא וָואס זֶעצֶען זִיךְ דֶערְוִוידֶער :

10 וָוארִין עֶס זֶענֶען פַארְהַאנְדֶען פִּילֶע וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגֶערְס אוּנְד נַארִישֶׁע רֶע־דֶערְס אוּנְד פַארפִירֶערְס, בֶּעזוּנְדֶערְס דִיא פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג :

11 וָואס מֶען בֶּעדַארְף זֵייא דָאס מוֹיל צוּ פַארְשְׁטָאפֶען, וָואס אִיבֶּערקֶערֶען גַאנְצֶע הֵייזֶער, אוּנְד לֶערְנֶען דָאס וָואס גֶעשִׁיקְט זִיךְ נִיט, פוּן וֶועגֶען שֶׁענְד־לִיכֶען גֶעוִוינְסְט :

12 אֵיינֶער פוּן זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע נְבִיאִים הָאט גֶעזָאגְט, דִיא קְרֶעטֶער זֶענֶען תָּמִיד לִיגְנֶערְס, בֵּייזֶע חַיּוֹת, פוֹילֶע בֵּייכֶער :

13 דִיזֶעס צֵייגְנִיס אִיז וָואהְר, דָארוּם שְׁטְרָאף זֵייא שַׁארְף, אַז זֵייא זָאלֶען זֵיין גַאנְץ אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען :

14 אוּנְד זָאלֶען נִיט אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוֹיף יוּדִישֶׁע נַארִישְׁקֵייטֶען, אוּנְד אוֹיף דִיא גֶעבָּאטֶען פוּן מֶענְשֶׁען וָואס קֶערֶען זִיךְ אָפּ פוּן דֶער וָוארְהֵייט :

15 צוּ דִיא רֵיינֶע אִיז אַלֶעס רֵיין ; אָבֶּער צוּ דִיא בֶּעפְלֶעקְטֶע אוּנְד

אומגלייביגע איז קיין זאך ניט ריין,
גייערט זייער פארשטאנד אונד זייער
געוויסען זענען אויך בעפלעקט:
16 זייא זאגען אז זייא קענען גאט,
אבער זייא פארלייקענען איהם אין
זייערע מעשים, אונד זענען אומווערדיג
אונד ווידערשפעניג אונד פארוואָרפען
פון איטליכען גוטען ווערק:

קאפיטעל ב

1 אבער דוא זאלסט רעדען וויא עס
קעהרט צו זיין בייא גוטער לערנונג:
2 אז דיא אלטע לייט זאלען זיין
ניכטערן, אויפריכטיג, ציכטיג, גאנץ
אין דעם גלויבען, אין ליבשאפט, אין
געדולד:
3 אונד אזוי אויך דיא אלטע ווייבער
זאלען זיך היילִיג אויפפיהרען, אונד
זאלען ניט זיין קיין פארקלעגערס, אונד
זאלען ניט טרינקען פיל וויין, אונד
זאלען זיין לעהרערינס פון גוטען:
4 אז זייא זאלען דיא יונגע פרויען
איבער האלטען, אונד זאלען ליבען
זייערע מענער אונד זייערע קינדער:
5 אונד זאלען זיין געשייט, ריין,
הויזהאלטערס. גוטיג, אונד זאלען
אונטערטעניג זיין צו זייערע מענער, אז
דאס ווארט פון גאט זאל ניט געלעס-
טערט ווערען:
6 אונד טהוא אויך דיא יונגע לייט
ווארנען זייא זאלען געשייט זיין:
7 ווייז דיך אין אלעם איין בייזשפיל
פון מעשים טובים, מיט אומפאר-
דארבענער לערנונג, מיט אויפריכטיג-
קייט אונד ערליכקייט:
8 מיט זויבערע רייד, וואס קען ניט
פארשולדיגט ווערען; אז דער וואס
ווערט זיך דערווידער זאל פארשעמט
ווערען, ווייל ער האט גאר קיין בייז
אויף איך ניט צו רעדען:
9 לאזען דיא קנעכט אונטערטעניג
זיין צו זייערע הארען, אונד לאזען זייא
זייא אין אלעם צו געפאלען טהון,
אונד ניט אפענטפערן:
10 אונד לאזען זייא ניט גנבנ'ן, גייערט
לאזען זייא בעוויזען אלע גוטע גע-
טריישאפט, אז זייא זאלען אין אלעם
בעשיינען דיא לערנונג פון גאט אונזער
העלפער:
11 ווארין דיא גנאד פון גאט וואס
ברענגט איין הייל איז אנטפלעקט גע-
ווארען צו אלע מענשען:
12 אונד זיא לעהרט אונס אז מיר
זאלען פארלייקענען דאס רשעות אונד
וועלטליכע גלוסטיגקייטען אונד זאלען
לעבען זויבער אונד גערעכט אונד
פרום אין דיזער וועלט:
13 אונד זאלען ווארטען אויף דער
געבענשטער האפנונג, אונד אויף דעם
הערליכען אנטפלעקען פון דעם גרויסען
גאט אונד אונזער העלפער, ישוע
המשיח:
14 וואס האט זיך געגעבען פאר אונס,
אז ער זאל אונס אויסדערלייזען פון
אלעם אומרעכט, אונד זאל צו זיך
רייניגען איין אויסדערוויילטעס פאלק
וואס איז אייפריג פאר מעשים טובים:
15 דיזעס רעד, אונד דערמאהן, אונד
שטראף מיט אלער מאכט! לאז דיך
קיינער ניט פארשעמען:

קאפיטעל ג

1 דערמאהן זייא אז זייא זאלען
אונטערטעניג זיין צו הערשאפטען אונד
מאכטען, זייא זאלען געהארכען צו
דיא געוועלטיגערס אונד זאלען

אָנְגֶעבְּרֵייט זַיין צוּ אִיטְלֶעכֶען גוּטֶען װערְק׃

2 זֵייא זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט לֶעסְטֶערֶען, אוּנְד זָאלֶען קֵיין צַאנְקֶערְס נִיט זַיין, גֵייעֶרְט גֶעלִינְד, אוּנְד זָאלֶען בֶּעװֵייזֶען אַיין גַאנְץ נִידֶערִיג גֶעמִיטְה צוּ אַלֶע לַייט׃

3 װָארִין מִיר זֶענֶען אויךְ אַמָאל נַארֶעשׁ גֶעװֶעזֶען, װִידֶערשְׁפֶּענְסטִיגֶע, פַּארְפִּירְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעדִינְט אַלֶערְלֵייא גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען אוּנְד פַּארגְנִיגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט אִין בּוֹיזְהֵייט אוּנְד קִנְאָה, אוּנְד זֶענֶען גֶעהַאסְט גֶעװֶעזֶען, אוּנְד הָאבֶּען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן גֶעהַאסְט׃

4 אָבֶּער װֶען דִיא גוּטִיגְקֵייט אוּנְד לִיבְּשַׁאפְט פוּן גָאט אוּנְזֶער הֶעלְפֶער הָאט זִיךְ בַּאװִיזֶען׃

5 נִיט דוּרְךְ מַעֲשִׂים פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט װָאס מִיר הָאבֶּען גֶעטְהוּן, נֵייעֶרְט אִין זֵיינֶער בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט הָאט עֶר אוּנְס זֶעלִיג גֶעמַאכְט, דוּרְךְ דֶעם װַאשֶׁען פוּן דֶער װִידֶערְגֶעבּוּרְט, אוּנְד דוּרְךְ דֶער דֶערְנֵייעֶרוּנְג פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען גֵייסְט׃

6 װָאס עֶר הָאט אויף אוּנְס רֵייכְלִיךְ אִיסְגֶעגָאסֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶער הֶעלְפֶער׃

7 װֵייל מִיר זֶענֶען גֶערֶעכְטְפֶערְטִיג דוּרְךְ זֵיינֶע גְנָאד, אַזוֹי זָאלֶען מִיר װֶערֶען עֶרְבֶּען נָאךְ דֶער הָאפְנוּנְג פוּן דֶעם אֵייבִּיגֶען לֶעבֶּען׃

8 דָאס אִיז אֵיינֶע בֶּעגְלֵייבְּטֶע זַאךְ, אוּנְד אִיךְ װִיל הָאבֶּען אַז דוּא זָאלְסְט דִיזֶע זַאכֶען פֶּעסְט זֶעצֶען, אַז דִיא װָאס הָאבֶּען גֶעגְלֵייבְּט אִין גָאט זָאלֶען אַכְטוּנְג גֶעבֶּען גוּטֶע מַעֲשִׂים צוּ טְהוּן, דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען גוּט אוּנְד נוּצְלִיךְ פַאר לַייט׃

9 אָבֶּער פַארְמֵייד נַארִישֶׁע שַׁאֲלוֹת, אוּנְד גֶעשְׁלֶעכְטְס־בִּיכֶער, אוּנְד גֶעצַאנְק, אוּנְד מַחְלוֹקֶת װֶעגֶען דֶעם גֶעזֶעץ, װָארִין זֵייא זֶענֶען אוּנְנוּצִיג אוּנְד אוּמְזוּסְט׃

10 אַיין מַאן װָאס לֵייקֶענְט אָפּ דִיא װָארְהֵייט זָאלְסְט דוּא פַארװַארְפֶען נָאךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּנְד צְװֵייטֶער װָארְנוּנְג׃

11 װָארִין דוּא װֵייסְט אַז אַיין זָאלְכֶער אִיז פַּארְקֶערְט, אוּנְד זִינְדִיגְט, אוּנְד פַארְשׁוּלְדִיגְט זִיךְ זֶעלְבְּסְט׃

12 װֶען אִיךְ װֶעל צוּ דִיר שִׁיקֶען אַרְטִימַאס אָדֶער טִיכִיקוּס אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דִיךְ אֵיילֶען צוּ מִיר צוּ קוּמֶען קֵיין נִיקָאפָּאלִים, װָארִין אִיךְ גֶעדֶענְק דָארְטֶען צוּ אִיבֶּער װִינְטֶערֶען׃

13 שִׁיק בַּאלְד זֶענַאס דֶעם יוֹעֵץ אוּנְד אַפָּאלָאס אויף זֵיירֶע רֵייז, אוּנְד לָאז זֵייא גָארְנִיט פֶעהְלֶען׃

14 אוּנְד לָאזֶען דִיא אוּנְזֶערִיגֶע אויךְ לֶערְנֶען גוּטֶע מַעֲשִׂים צוּ טְהוּן װֶען עֶס אִיז נֵייטִיג, אַז זֵייא זָאלֶען נִיט זַיין אָהְן פְרוּכְט׃

15 אַלֶע װָאס זֶענֶען מִיט מִיר גְרִיסֶען דִיךְ, גְרִיס דִיא װָאס לִיבֶּען אוּנְס אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען, גְנָאד זֵייא מִיט אֵייךְ אַלֶע, אָמֵן׃

געשריבען פֿון ניקאפּאלים וואס איז אין מקדוניא, צו טיטוס, דער ערשטער בישאף וואס וואר אויסדערוויילט צו דער קהלה פֿון קרעטא.

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פוֹלוּס צוּ פִילֶעמוֹן.

1 פוֹלוּס אַיין גֶעפַאנְגֶענֶער פוּן יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ, אוּנְד אוּנְזֶער בְּרוּדֶער טִימָאטֶעוּס,
צוּ פִילֶעמוֹן, אוּנְזֶער גֶעלִיבְּטֶען אוּנְד
אוּנְזֶער הֶעלְפֶער:
2 אוּנְד צוּ דֶער גֶעלִיבְּטֶער אַפְּיָא,
אוּנְד צוּ אַרְכִיפּוּס וָואס אִיז אַיין
שְׁטְרֵייטֶער מִיט אוּנְס, אוּנְד צוּ דֶער
גֶעמֵיינְדֶע וָואס אִיז אִין דֵיין הויז:
3 גְנָאד זַייא מִיט אֵייךְ אוּנְד פְרִידֶען
פוּן גָאט אוּנְזֶער פָאטֶער, אוּנְד פוּן
דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:
4 אִיךְ דַאנְק מֵיין גָאט, אוּנְד אִיךְ
גֶעדֶענְק דִיךְ שְׁטֶענְדִיג אִין מֵיינֶע גֶע־
בֶּעטֶע:
5 וָוייל אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דֵיינֶע
לִיבְּשַׁאפְט אוּנְד דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס דוּא
הָאסְט צוּם הַאר יֵשׁוּעַ, אוּנְד קֶעגֶען
אַלֶע הֵיילִיגֶע:
6 אַז דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֵיין
גְלוֹיבֶּען זָאל מֶעכְטִיג וֶוערֶען דוּרךְ דֶעם
דֶערְקֶענֶען פוּן אַלֶעם גוּטֶען וָואס אִיז
אִין אֵייךְ אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:
7 וָוארִין מִיר הָאבֶּען פִיל פְרֵייד
אוּנְד טְרֵייסְט אִיבֶּער דֵיינֶע לִיבְּשַׁאפְט,
וָוייל דִיא הֶערְצֶער פוּן דִיא הֵיילִיגֶע
זֶענֶען דֶערקְוִויקְט גֶעוָוארֶען דוּרךְ דִיר,
בְּרוּדֶער:
8 דְרוּם, חָאטְשֶׁע אִיךְ הָאבּ פִיל
פְרֵייהֵייט אִין מָשִׁיחַ אַז אִיךְ זָאל דִיר
גֶעבִּיטֶען וָואס רֶעכְט אִיז:
9 אָבֶּער פוּן לִיבְּשַׁאפְט וֶועגֶען בֶּעט
אִיךְ דִיךְ בֶּעסֶער, וָוייל אִיךְ בִּין אַזוֹי
אֵיינֶער וִויא פוֹלוּס, דֶער אַלְטֶער, אוּנְד
אַצוּנְד אוֹיךְ אַיין גֶעפַאנְגֶענֶער פוּן
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:
10 אִיךְ בֶּעט דִיךְ וֶועגֶען מֵיין זוּהְן
אוֹנֵיזִימוּס, וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶעבּוֹירֶען
אִין מֵיינֶע קֵייטֶען:
11 וָואס וַואר פְרִיר אוּמְנוּצְלִיךְ צוּ
דִיר, אָבֶּער אַצוּנְד נוּצְלִיךְ צוּ דִיר אוּנְד
צוּ מִיר:
12 אִיךְ הָאבּ אִיהְם וִוידֶער צוּ דִיר
גֶעשִׁיקְט; אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם
אוֹיפְנֶעמֶען, וָואס אִיז מֵיין אֵייגֶען
הַארְץ:
13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעוָואלְט
בֵּייא מִיר הַאלְטֶען אַז עֶר זָאל מִיךְ
פַאר דִיר בֶּעדִינֶען אִין דִיא קֵייטֶען פוּן
דֶעם עֶוואַנְגֶעלִיוּם:
14 אָבֶּער אָהְן דֵיינֶע מֵיינוּנְג הָאבּ אִיךְ
גָארנִיט גֶעוָואלְט טְהוּן; אַז דֵיין גוּטֶעס
זָאל נִיט גֶעצְוָוינְגֶען זַיין, נֵייעֶרְט פוּן
דֵיין גוּטֶען ווִילֶען:
15 וָוארִין פִילֵייכְט הָאט עֶר זִיךְ
דָארוּם אָפְּגֶעשֵׁייט פַאר אַיין צֵייט, כְּדֵי
דוּא זָאלְסְט אִיהְם אוֹיפְנֶעמֶען פַאר
אֵייבִּיג:
16 נִיט מֶעהְר וִויא אַיין קְנֶעכְט,
נֵייעֶרְט אִיבֶּער אַיין קְנֶעכְט, פַאר אַיין
גֶעלִיבְּטֶען בְּרוּדֶער, בֶּעזוּנְדֶערְס צוּ
מִיר, אָבֶּער פִיל מֶעהְר צוּ דִיר אִין
דֶעם פְלֵייש אוּנְד אִין דֶעם הַאר:

17 דְרוּם װֶען דוּא הַאלְסְט מִיךְ פַאר אַיין חַבֵר, אַזוֹי נֶעם אִיהְם אוֹיף װִיא מִיךְ׃
18 אוּנְד װֶען עֶר הָאט דִיר עֶפֶּעס אוּמְרֶעכְט גֶעטְהוּן, אָדֶער עֶר אִיז דִיר עֶפֶּעס שוּלְדִיג, אַזוֹי רֶעכֶען דָאס צוּ מִיר׃
19 אִיךְ פּוֹלוּס הָאבּ עֶס גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט מֵיין אֵייגֶענֶער הַאנְד, אִיךְ װֶעל עֶס בֶּעצָאהְלֶען; חָאטְשֶׁע אִיךְ זָאג דִיר נִיט אַז דוּא בִּיזְט דִיךְ זֶעלְבּסְט אוֹיךְ צוּ מִיר שוּלְדִיג׃
20 יוֹא בְּרוּדֶער, אִיךְ װִיל מִיךְ אִיבֶּער דִיר פְרֵייעֶן אִין דֶעם הַאר, דֶערקְוִויק מֵיין הַארְץ אִין דֶעם הַאר׃
21 אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶעשְׁרִיבֶּען װֵייל אִיךְ בִּין זִיכֶער אִין דֵיין גֶעהוֹירְזַאם, אוּנְד אִיךְ װֵייס אַז דוּא װֶעסְט אַפִּילוּ מֶעהְר טְהוּן וִויא אִיךְ זָאג׃
22 אוּנְד גְרֵייט מִיר אוֹיךְ אָן אֵיינֶע דִירָה; װָארִין אִיךְ הָאף אַז אִיךְ װֶעל צוּ אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען דוּרְךְ אֵייעֶרֶע גֶעבֶּעטֶע׃
23 עֶפַּאפְרַאס װָאס אִיז מִיט מִיר גֶעפַאנְגֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְד מַארְקוּס, אוּנְד אַרִיסְטַארְכוּס, אוּנְד דֶעמַאס, אוּנְד לוּקַאס, מֵיינֶע הֶעלְפֶערְס גְרִיסֶען דִיךְ׃
24 דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ זֵייא מִיט אֵייעֶר גֵייסְט, אָמֵן׃

געשריבען פון רום צו פילעמון דורך דעם קנעכט אונעזימוס.

---

# דֶער בְּרִיף צוּ דִיא עִבְרִים.

1 גָאט, װָאס הָאט פַארְצֵייטֶען פִּיל מָאל אוּנְד אוֹיף פִילֶערְלֵייא אַרְט גֶערֶעט צוּ דִיא אָבוֹת דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים, הָאט אִין דִיזֶע לֶעצְטֶע צֵייטֶען צוּ אוּנְס גֶערֶעט דוּרְךְ זֵיין זוּהְן׃
2 װֶעלְכֶען עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַלְס אַיין יוֹרֵשׁ אִיבֶּער אַלֶעס, אוּנְד דוּרְךְ װֶעלְכֶען עֶר הָאט אוֹיךְ דִיא װֶעלְטֶען גֶעמַאכְט׃
3 װֶעלְכֶער װַאר דֶער שֵׁיין פוּן זֵיינֶער הֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן זֵיין בֶּעשְׁטַאנְד (הויה), אוּנְד עֶר דֶערְהַאלְט אַלֶעס דוּרְךְ דָאס װָארְט פוּן זֵיינֶע קְרַאפְט, אוּנְד אַלְס עֶר הָאט דוּרְךְ זִיךְ זֶעלְבּסְט גֶעמַאכְט דִיא רֵיינִיגוּנְג פוּן אוּנְזֶערֶע זִינְדֶען הָאט עֶר זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן דֶער גְרוֹיסְקֵייט אִין דֶער הֵייךְ׃
4 אוּנְד װֵייל עֶר אִיז אַזוֹי פִּיל בֶּעסֶער גֶעװָארֶען וִויא דִיא מַלְאָכִים, דָאס עֶר הָאט גֶעעֶרְבְּט אַיין פִּיל הֶעכֶערֶען נָאמֶען פוּן זֵייא׃
5 װָארִין צוּ װֶעלְכֶע פוּן דִיא מַלְאָכִים הָאט עֶר אַמָאל גֶעזָאגְט, דוּא בִּיזְט מֵיין זוּהְן, הֵייטֶע הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעבּוֹירֶען? אוּנְד נָאךְ אַמָאל, אִיךְ װֶעל צוּ אִיהְם זֵיין אַ פָאטֶער, אוּנְד עֶר װֶעט צוּ מִיר זֵיין אֵיין זוּהְן?
6 אוּנְד װֶען עֶר וִוידֶער בְּרֶענְגְט דֶעם עֶרְשְׁט־גֶעבּוֹירֶענֶעם אִין דִיא װֶעלְט אַרֵיין זָאגְט עֶר, אַלֶע מַלְאָכִים פוּן

גָאט, זָאלֶען זִיךְ צוּ אִיהְם בִּיקֶען׃
7 אוּנְד וֶועגֶען דִיא מַלְאָכִים זָאגְט עֶר,
עֶר מַאכְט זֵיינֶע מַלְאָכִים גֵייסְטֶער אוּנְד
זֵיינֶע דִינֶער פֵייעֶרפְלַאמֶען׃
8 אָבֶּער וֶועגֶען דֶעם זוּהְן (זָאגְט עֶר),
דֵיין שְׁטוּל אוי גָאט, אִיז אוֹיף אֵייבִּיג,
אֵיין סְצֶעפְּטֶער פָאן גְרָאדְהֵייט (יוֹשֶׁר)
אִיז דָאס סְצֶעפְּטֶער פוּן דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ׃
9 דוּא הָאסְט לִיעבּ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט,
אוּנְד הָאסְט פֵיינְד רִשְׁעוּת, דָארוּם הָאט
דִיךְ, אוי גָאט, דֵיין גָאט גֶעזַאלְבְּט מִיט
פְרֵיידֶענְאֵייל אִיבֶּער דֵיינֶע פְרֵיינְדֶע׃
10 אוּנְד דוּא, אוי הַאר, הָאסְט אִים
אָנְפַאנְג דִיא עֶרְד גֶעגְרִינְדֶעט, אוּנְד
דִיא הִימֶעלְן זֶענֶען דִיא וֶוערְקֶע פוּן
דֵיינֶע הֶענְד׃
11 זֵייא וֶועלֶען פֶערלוירֶען וֶוערֶען,
אָבֶּער דוּא וֶועסְט בְּלֵייבֶּען, אוּנְד זֵייא
אַלֶע וֶועלֶען וִויא אֵיין קְלֵייד אַלְט
וֶוערֶען׃
12 אוּנְד וִויא אֵיין מַאנְטֶעל וֶועסְט
דוּא זֵייא פֶערְעֶנְדֶערְן, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
פֶערְעֶנְדֶערְט וֶוערֶען, אָבֶּער דוּא בִּיזְט
דֶערְזֶעלְבִּיגֶע, אוּנְד דֵיינֶע יָארֶען וֶועלֶען
נִיט פֶערְגֵיין׃
13 אוּנְד צוּ וֶועלְכֶע פוּן דִיא מַלְאָכִים
הָאט עֶר אַמָאל גֶעזָאגְט, זֶעץ דִיךְ צוּ
מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, בִּיז אִיךְ וֶועל
דֵיינֶע פֵיינְד מַאכֶען צוּ דֵיינֶע פוּס־
בַּאנְק?
14 זֶענֶען זֵייא נִיט אַלֶע בֶּעדִינֶער,
גֵייסְטֶער, אוֹיסְגֶעשִׁיקְט צוּ בֶּעדִינֶען,
דִיא וָואס וֶועלֶען יַרְשְׁנֶען דִיא זֶעלִיגְקֵייט?

## קאפיטעל ב

1 דָארוּם מוּזֶען מִיר דָאךְ מֶעהְר
אַכְטוּנְג גֶעבֶּען צוּ דִיא זַאכֶען וֶועלְכֶע
מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט, דָאס מִיר זָאלֶען
נִיט אָפְּפַאלֶען׃
2 וָוארִין וֶוען דָאס וָוארְט וֶועלְכֶעס
וַואר גֶערֶעדט דוּרְךְ מַלְאָכִים, אִיז פֶעסְט
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶע אִיבֶּערטְרֶעטוּנְג
אוּנְד וִוידֶערשְׁפֶּענִיגְקֵייט הָאט דֶערְ־
הַאלְטֶען אֵיין גֶערֶעכְטֶען שְׂכַר׃
3 וִויא אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אֶנְטְרִינֶען
וֶוען מִיר וֶועלֶען נִיט אַכְטוּנְג גֶעבֶּען
אוֹיף אַזַא גְרוֹיסֶע (יְשׁוּעָה) זֶעלִיגְקֵייט?
וָואס אִיז אֵין אָנְהֵייבּ גֶעזָאגְט גֶעוָוא־
רֶען דוּרְךְ דֶעם הַאר, אוּנְד אִיז צוּ אוּנְס
בֶּעשְׁטֶעטִיגְט גֶעוָוארֶען בֵּייא דִיא וָואס
הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט׃
4 וֶוען גָאט הָאט אוֹיךְ אוֹיף זֵייא
בֶּעצֵייגְט מִיט צֵייכֶען אוּנְד וואוּנְדֶער
אוּנְד פִילֶערְלֵייא גְבוּרוֹת, אוּנְד הָאט
אוֹיסְגֶעטֵיילְט דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ נָאךְ
זֵיין ווִילֶען׃
5 ווייל עֶר הָאט נִיט צוּ מַלְאָכִים
אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט דִיא אַנְדֶערֶע
וֶועלְט פוּן וֶועלְכֶע מִיר רֶעדֶען׃
6 אָבֶּער אֵיינֶער בֶּעצֵייגְט אוֹיף אֵיין
אָרְט אוּנְד זָאגְט, וָואס אִיז דֶער מֶענְשׁ
דָאס דוּא זָאלְסְט אָן אִיהְם גֶעדֶענְקֶען?
אוּנְד דֶער בֶּן־אָדָם דָאס דוּא זָאלְסְט
אִיהְם בֶּעזוּכֶען?
7 דוּא הָאסְט אִיהְם אַבִּיסֶעל נִידְרִיגֶער
גֶעמַאכְט פוּן דִיא מַלְאָכִים, אוּנְד הָאסְט
אִיהְם גֶעקְרֵיינְט מִיט כָּבוֹד אוּנְד
הֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד הָאסְט אִיהְם גֶע־
זֶעצְט אִיבֶּער דִיא מַעֲשִׂים פוּן דֵיינֶע
הֶענְד׃
8 דוּא הָאסְט אַלֶעס אוּנְטֶערְטֶענִיג
גֶעמַאכְט אוּנְטֶער זֵיינֶע פִים, וָוארִין אִין
דֶעם וָואס עֶר הָאט אַלֶעס צוּ אִיהְם
אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט, אַזוֹי הָאט עֶר
קֵיין זַאךְ נִיט אִיבֶּער גֶעלָאזְט וָואס אִיז



נִיט

נִיט אוּנְטֶערטֶענִיג צוּ אִיהְם, אָבֶּער אַצוּנְד זֶעהֶען מִיר נָאךְ נִיט אַז אַלֶעס אִיז צוּ אִיהְם אוּנְטֶערטֶענִיג:

9 אָבֶּער מִיר זֶעהֶען אַז יֵשׁוּעַ וָואס אִיז אַבִּיסֶעל נִידֶערִיגֶער פוּן דִיא מַלְאָכִים דוּרְךְ דִיא לֵיידֶען פוּן דֶעם טוֹיט, אִיז גֶעקְרֵיינְט מִיט כָּבוֹד אוּנְד הֶערְלִיכְקֵייט, אַז עֶר זָאל דוּרְךְ דֶער גְנָאד פוּן גָאט פֶּערְזוּכֶען דֶעם טוֹיט פַאר אַלֶע:

10 וָוארִין עֶס הָאט גֶעפַּאסְט צוּ אִיהְם וָואס אַלֶעס אִיז פוּן זֵיינֶעט וֶועגֶען אוּנְד אַלֶעס אִיז דוּרְךְ אִיהְם, וֶוען עֶר הָאט גֶעוָואלְט בְּרֶענְגֶען פִילֶע קִינְדֶער צוּר הֶערְלִיכְקֵייט, אַז עֶר זָאל דוּרְךְ לֵיידֶען גַאנְץ מַאכֶען דֶעם פִירְשְׁט פוּן זֵייעֶרֶע זֶעלִיגְקֵייט:

11 וָוארִין דֶער וָואס הֵיילִיגְט אוּנְד דִיא וָואס וֶוערֶען גֶעהֵיילִיגְט זֶענֶען אַלֶע פוּן אֵיינֶעם, דְרוּם שֶׁעמְט עֶר זִיךְ נִיט עֶר זָאל זֵייא רוּפֶען בְּרִידֶער:

12 וֶוען עֶר זָאגְט אִיךְ וֶועל דֶערְצֵיילֶען דֵיין נָאמֶען צוּ מֵיינֶע בְּרִידֶער, אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע וֶועל אִיךְ דִיךְ לוֹיבֶּען:

13 אוּנְד וִוידֶער, אִיךְ וֶועל מִיךְ אִין אִיהְם פֶערְזִיכֶערֶען, אוּנְד וִוידֶער, אָט, דָא בִּין אִיךְ אוּנְד דִיא קִינְדֶער וָואס גָאט הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען:

14 דְרוּם, וֵוייל דִיא קִינְדֶער הָאבֶּען אַטֵייל אִין פְלֵיישׁ אוּנְד בְּלוּט אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיךְ אַ טֵייל גֶענוּמֶען אִין זֵייא, אַז עֶר זָאל דוּרְךְ דֶעם טוֹיט צוּשְׁטֶערֶען דֶעם וָואס הָאט מַאכְט פוּן דֶעם טוֹיט, דָאס אִיז דֶער שָׂטָן:

15 אוּנְד אַז עֶר זָאל בֶּעפְרֵייעֶן דִיא וָואס דוּרְךְ דֶער פוּרְכְט פוּן דֶעם טוֹיט זֶענֶען זֵייעֶר גַאנְצֶעס לֶעבֶּען אִין קְנֶעכְט־שַׁאפְט גֶעוֶועזֶען:

16 וָוארִין עֶר הָאט נִיט אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען דִיא נַאטוּר פוּן דִיא מַלְאָכִים, נֵייעֶרְט עֶר הָאט אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען דֶעם זָאמֶען פוּן אַבְרָהָם:

17 דָארוּם הָאט עֶר גֶעדַארְפְט אִין אַלֶעס גְלֵייךְ זֵיין צוּ זֵיינֶע בְּרִידֶער, כְּדֵי עֶר זָאל זֵיין אַ בַּארֶעמְהֶערְצִיגֶער אוּנְד אַ גֶעטְרֵייעֶר כּוֹהֵן גָדוֹל פַאר גָאט, עֶר זָאל מְכַפֵּר זֵיין דִיא זִינְדֶען פוּן דֶעם פָאלְק:

18 וָוארִין אִינְדֶעם עֶר הָאט זֶעלְבְּסְט גֶע־לִיטֶען, וֶוען עֶר אִיז גֶעפְּרִיפְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי אִיז עֶר אִים שְׁטַאנְד צוּ הֶעלְפֶען דִיא וָואס וֶוערֶען גֶעפְּרִיפְט:

## קאפיטעל ג

1 דָארוּם, הֵיילִיגֶע בְּרִידֶער, חֲבֵרִים פוּן דֶעם הִימְלִישֶׁען בֶּערוּפוּנְג, בֶּע־טְרַאכְטֶעט דָאךְ דֶעם אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) אוּנְד כּוֹהֵן גָדוֹל פוּן אוּנְזֶער בֶּעקֶענְ־טֶענִים, יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:

2 וֶועלְכֶער וַואר גֶעטְרֵייא צוּ דֶעם וָואס הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט, אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה וַואר אוֹיךְ אִין זֵיין גַאנְצֶען הוֹיז:

3 וָוארִין עֶר אִיז גְרֶעסֶערֶע הֶערְלִיכְ־קֵייט וֶוערְט אַלְס מֹשֶׁה, אַזוֹי וִויא דֶער וָואס הָאט דָאס הוֹיז גֶעבּוֹיעֶט הָאט מֶעהְר כָּבוֹד פוּן דֶעם הוֹיז:

4 וָוארִין אִיטְלִיכֶעס הוֹיז אִיז גֶעבּוֹיעֶט פוּן אַ מֶענְשׁ, אָבֶּער דֶער וָואס הָאט אַלֶעס גֶעבּוֹיעֶט אִיז גָאט:

5 אוּנְד מֹשֶׁה וַואר טַאקִי גֶעטְרֵייא אִין זֵיין גַאנְצֶען הוֹיז, וִויא אַ קְנֶעכְט, פַאר אַן עֵדוּת פִיר דִיא זַאכֶען וָואס הָאבֶּען גֶעזָאלְט גֶערֶעט וֶוערֶען:

6 אָבֶּער דֶער מָשִׁיחַ וָואס אִיז אַלְס

זוהן איבער זיין אייגען הויז, אונד
מיר זענען זיין הויז, ווען מיר האלטען
פעסט דיא הבטחה, אונד דעם לויב
פון דער האפענונג ביז צום סוף׃
7 דארום, וויא דער רוח הקודש
זאגט, היינט ווען איהר ווילט זיין קול
הערען׃
8 פערהארטעט ניט אייערע הערצער
וויא אין דעם קריג, וויא אין דעם
טאג פון פריפונג אין דער מדבר׃
9 ווען אייערע עלטערען האבען מיך
פארזוכט, אונד געפריפט, אונד האבען
געזעהען מיינע ווערקע, פערציג יאהר׃
10 דארום האב איך מיך געקריגט
מיט דיזען געשלעכט, אונד האב גע־
זאגט, זייא אירען שטענדיג אין זייער
הארץ, אונד זייא האבען ניט דערק־
קאנט מיינע וועגען׃
11 אזוי האב איך געשוואָרען אין
מיין צארן, זייא זאלען ניט צו מיינע
רוהע קומען׃
12 זעהט צו, ברידער, אז עס זאל
ניט אין קיינעם פון אייך זיין איין בייז
הארץ פון אומגלויבען, אז איהר זאלט
אייך אפקעהרען פון דעם לעבעדיגען
גאט׃
13 נייערט ווארענט איינער דעם
אנדערען טעגליך, אזוי לאנג עס
הייסט היינט, אז קיינער פון אייך
זאל ניט פארהארטעט ווערען דורך
דיא פארפיהרונג פון דער זינדע׃
14 ווארין מיר האבען א טייל אין
משיח, ווען מיר האלטען פעסט דעם
אנהייב פון אונזער בטחון ביז צום
סוף׃
15 ווייל עס איז געזאגט, היינט, ווען
איהר ווילט זיין קול צוהערען, פאר־
הארטעט ניט אייערע הערצער וויא אין
דעם קריג׃
16 ווארין ווען איינינע האבען גע־
הערט האבען זייא דאך געקריגט,
אבער ניט אלע וואס זענען ארויס
געגאנגען פון מצרים דורך משה׃
17 אבער מיט וועלכע האט ער זיך
געקריגט פערציג יאהר? וואר עס ניט
מיט דיא וואס האבען געזינדיגט, דיא
וואס זייערע לייבער זענען געפאלען אין
דער מדבר?
18 אונד צו וועלכע האט ער גע־
שוואָרען זייא זאלען ניט צו זיינע
רוהע קומען? וואר עס ניט צו דיא
וואס האבען ווידערגעשפעניגט?
19 אזוי זעהען מיר אז זייא האבען
ניט געקענט אריין קומען ווייל זייא
האבען ניט געגלויבט׃

## קאפיטעל ד

1 דארום לאמיר זיך פארכטען, טא־
מער איז אונס געבליבען איינע הבטחה
אז מיר זאלען אין זיינע רוהע אריין
קומען, דאס קיינער פון אונס זאל ניט
דרויסען בלייבען׃
2 ווארין צו אונס איז דיא בשורה
געזאגט אזוי וויא צו אייך, אבער דאס
געדארשענטע ווארט האט אייך ניט
געהאלפען, ווייל עס האט זיך ניט
פעראייניגט מיט גלויבען צו דיא
וואס האבען עס געהערט׃
3 ווארין מיר וואס גלויבען קומען
אריין אין זיינע רוהע, אזוי וויא ער
האט געזאגט, וויא איך האב געשוואָ־
רען אין מיין צארן, דאס זייא זאלען
ניט צו מיינע רוהע אריין קומען,
האטשע דיא ווערקע ווארען פערטיג
פון דער גרינדונג דער וועלט׃



ווארין

4 וָוארִין עֶר זָאגְט אַזוֹי אוֹיף אֵיין אָרְט וֶועגֶען דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג, אוּנְד גָאט הָאט גֶערוּהְט דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג פוּן אַלֶע זַיינֶע וֶוערְקֶע:

5 אוּנְד דָא ווִידֶער, דָאס זַייא זָאלֶען נִיט צוּ מֵיינֶע רוּהֶע אַרֵיין קוּמֶען:

6 דָארוּם ווייל עֶס בְּלֵייבְּט אַז עֶטְלִיכֶע זָאלֶען יוֹא דְרִינְגֶען אַרֵיין קוּמֶען, אָבֶּער דִיא, צוּ וֶועלְכֶע עֶס אִיז צוּם עֶרְשְׁטֶען אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען זֶענֶען נִיט אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען ווייל זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט:

7 אַזוֹי הָאט עֶר אֵיין אַנְדֶערֶען טָאג בֶּעשְׁטִימְט, וֶוען עֶר זָאגְט דוּרְךְ דָוִד, הַיינְט, נָאךְ אַזַא לַאנְגֶע צֵייט וִויא עֶס אִיז שׁוֹין גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען הַיינְט, וֶוען אִיהְר ווִילְט זַיין קוֹל צוּהֶערֶען פַארְהַארְטֶעט נִיט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער:

8 וָוארִין וֶוען יְהוֹשֻׁעַ וָואלְט זַייא רוּהֶע גֶעגֶעבֶּען, וָואלְט עֶר דָאךְ נִיט גֶערֶעדט פוּן אֵיין אַנְדֶערֶען טָאג:

9 דָארוּם אִיז נָאךְ אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אַ שַׁבָּת פַאר דֶעם פָאלְק פוּן גָאט:

10 וָוארִין דֶער וָואס אִיז אִין זַיינֶע רוּהֶע אַרֵיין גֶעקוּמֶען דֶער רוּהֶעט אוֹיךְ פוּן זַיינֶע וֶוערְקֶע, אַזוֹי וִויא גָאט פוּן זַיינֶע:

11 דָארוּם, לָאמִיר זִיךְ אֵיילֶען צוּ דִיזֶער רוּהֶע אַרֵיין צוּ קוּמֶען, דָאס קֵיינֶער זָאל נִיט פַאלֶען נָאךְ דֶעם זֶעלְבֶּען גְלֵייכֶען פוּן אַזֶעלְכֶער אוּנְגְלֵייבִּיגְקֵייט:

12 וָוארִין דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז לֶעבֶּעדִיג אוּנְד קְרֶעפְטִיג, אוּנְד שַׁארְפֶער וִויא אַ צְוֵוייא־שְׁנֵיידִיגֶעס שְׁוֶוערְד, אוּנְד דְרִינְגְט דוּרְךְ בִּיז עֶס צוּטֵיילְט דִיא נְשָׁמָה אוּנְד גֵייסְט, אוּנְד גְלִידֶער אוּנְד מַארְךְ, אוּנְד פְּרִיפְט דִיא גֶעדַאנְקֶען אוּנְד זִינֶען פוּן הֶערְצֶען:

13 אוּנְד קֵיין בֶּעשֶׁעפֶענִיס אִיז פַאר אִיהְם פֶערְבָּארְגֶען, נֵייעֶרְט אַלֶעס אִיז נַאקֶעט אוּנְד בְּלוֹיס אוּנְד אוֹיפְגֶעדֶעקְט פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם פוּן וֶועלְכֶען מִיר רֶעדֶען:

14 דָארוּם ווייל מִיר הָאבֶּען אַזַא כֹּהֵן גָדוֹל וֶועלְכֶער אִיז אִין הִימֶעל אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען, יֵשׁוּעַ דֶער זוּהְן פוּן גָאט, אַזוֹי לָאמִיר זִיךְ פֶעסְט הַאלְטֶען אִין אוּנְזֶער בֶּעקֶענְטֶענִיס:

15 וָוארִין מִיר הָאבֶּען נִיט אַ כֹּהֵן גָדוֹל וָואס קֶען נִיט מִיטְלֵייד הָאבֶּען מִיט אוּנְזֶערֶע שְׁוַואכְהֵייטֶען, נֵייעֶרְט עֶר וַואר אִין אַלֶעם גֶעפְּרוּפְט גְלֵייךְ וִויא מִיר, אָבֶּער אָהְנֶע זִינְד:

16 דָארוּם, לָאמִיר זִיךְ גֶענֶעהֶענְן מִיט אַ פֶערְזִיכֶערוּנְג צוּ דֶעם גְנַאדֶען־שְׁטוּהְל, כְּדֵי מִיר זָאלֶען בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט דֶערְהַאלְטֶען, אוּנְד מִיר זָאלֶען גֶעפִינֶען גְנָאד צוּ דֶער צֵייט וֶוען מִיר בֶּעדַארְפֶען הִילְף:

## קאפיטעל ה

1 וָוארִין אִיטְלִיכֶער כֹּהֵן גָדוֹל וָואס אִיז גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען פוּן מֶענְשֶׁען, אִיז פַאר מֶענְשֶׁען אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט אִין גָאטֶעס זַאכֶען, כְּדֵי עֶר זָאל מַקְרִיב זַיין גָאבֶּען אַלְס שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער, אוּנְד שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער פַאר דִיא זִינְדֶען:

2 וֶועלְכֶער קֶען מִיטְלֵייד הָאבֶּען מִיט דֶעם אוּנְוִויסֶענְדֶען אוּנְד דֶעם פַארְאִירְטֶען, ווייל עֶר אַלֵיין אִיז אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט מִיט שְׁוַואכְהֵייטֶען:

3 אוּנְד דָארִיבֶּער מוּז עֶר מַקְרִיב זַיין אַזוֹי וִויא פַאר דִיא זִינְדֶען פוּן דֶעם פָאלְק, אַזוֹי אוֹיךְ פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט:

4 אוּנְד קֵיין מֶענְשׁ נֶעמְט פַאר זִיךְ
אַלֵיין דִיזֶען כָּבוֹד, נֵייעֶרְט דֶער װָעלְ־
כֶער װָאס װַאר אױסְדֶערְװֵיילְט פוּן גָאט,
אַזוֹי װִיא אַהֲרוֹן׃
5 אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דֶער מָשִׁיחַ הָאט
זִיךְ נִיט אַלֵיין פֶערְהֶערְלִיכְט צוּ זַיין אַ
כֹּהֵן גָדוֹל, נֵייעֶרְט דֶער װָאס הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט מֵיין זוּהְן,
הַיינְט הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעבּוֹירֶען׃
6 אַזוֹי װִיא עֶר זָאגְט אוֹיךְ אוֹיף אֵיין
אַנְדֶערען אָרְט, דוּא בִּיסְט אַ כֹּהֵן אוֹיף
אֵייבִּיג נָאךְ דֶער אָרְדֶענוּנְג פוּן מַלְכִּי־
צֶדֶק׃
7 װָעלְכֶער הָאט אִין דִיא טֶעג פוּן
זַיין פְלֵיישׁ אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט גֶעבֶּעט אוּנְד
בַּקָשׁוֹת מִיט שְׁטַארְק גֶעשְׁרֵייא אוּנְד
טְרֶערֶען, צוּ דֶעם װָאס הָאט אִיהְם
גֶעקֶענְט מַצִיל זַיין פוּן דֶעם טוֹיט,
אוּנְד אִיז דֶערְהֶערְט גֶעװָארֶען װֶעגֶען
דֶעם װָאס עֶר הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען׃
8 חָאטְשֶׁע עֶר אִיז גֶעװֶעזֶען אַ זוּהְן,
הָאט עֶר גֶעלֶערְנְט צוּ גֶעהָארְכֶען דוּרְךְ
דֶעם װָאס עֶר הָאט גֶעלִיטֶען׃
9 אוּנְד אַלְס עֶר אִיז פָאלְקָאמֶען גֶע־
װָארֶען, אִיז עֶר גֶעװָארֶען דֶער אָנְהֵייבֶּער
פוּן אֵייבִּיגֶער הִילְפֶע צוּ אַלֶע װָאס
הֶערֶען אִיהְם צוּ׃
10 װֵייל עֶר װַאר פוּן גָאט גֶערוּפֶען
אַ כֹּהֵן גָדוֹל נָאךְ דֶער אָרְדֶענוּנְג פוּן
מַלְכִּי־צֶדֶק׃
11 פוּן װֶעלְכֶען מִיר הָאבֶּען פִיל צוּ
רֶעדֶען װָאס עֶס אִיז שְׁװֶער אוֹיסְצוּלֵיי־
גֶען, װֵייל אִיהְר קֶענְט עֶס אַזוֹי שְׁװֶער
פַארְשְׁטֵיין׃
12 װָארִין אִין דֶער צֵייט װָאס אִיהְר
הָאט גֶעדַארְפְט זַיין לֶעהְרֶערְס, דַארְפְט
אִיהְר װִידֶער אַז מֶען זָאל אֵייךְ
לֶערְנֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע גְרִינְדוּנְג, (דָאס
א. ב.) פוּן גָאטֶעס װָארְט, אוּנְד אִיהְר
זֶענְט גֶעװָארֶען װִיא דִיא װָאס בֶּע־
דַארְפֶען מִילְךְ, אוּנְד נִיט קֵיינֶע
שְׁטַארְקֶע שְׁפֵּייז׃
13 װָארִין אִיטְלִיכֶער װָאס מוּז נָאךְ
הָאבֶּען מִילְךְ, אִיז נִיט אַ מֵבִין אִין
דֶעם װָארְט פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, װָארִין
עֶר אִיז אַ יוּנְג קִינְד׃
14 אָבֶּער שְׁטַארְקֶע שְׁפֵּייז אִיז פַאר
דִיא פָאלְקָאמֶענֶע מֶענְשֶׁען, װֶעלְכֶע
קֶענֶען דוּרְךְ דֶער אִיבּוּנְג פוּן גֶעבְּרוֹיךְ
אוּנְטֶערשֵׁיידֶען צְװִישֶׁען דֶעם גוּטֶען
אוּנְד שְׁלֶעכְטֶען׃

## קאפִּיטֶעל ו

1 דָארוּם, לָאמִיר אוֹיפְהֶערֶען צוּ רֶע־
דֶען פוּן דֶעם אָנְפַאנְג פוּן דֶער
לֶערְנוּנְג פוּן מָשִׁיחַ, אוּנְד לָאמִיר
קוּמֶען צוּ דֶער פָאלְקָאמֶענְהֵייט, נִיט
נָאךְ אַמָאל צוּ לֵייגֶען דֶעם גְרוּנְד פוּן
דֶער תְּשׁוּבָה פוּן טוֹיטֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד
פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין גָאט׃
2 אוּנְד פוּן דֶער לֶערְנוּנְג פוּן טְבִילוֹת
(טוֹיפֶע), אוּנְד פוּן סְמִיכַת יָדַיִם
(הֶענְדֶע־לֵייגֶען), אוּנְד פוּן תְּחִיַּת הַמֵּתִים,
אוּנְד פוּן דֶעם אֵייבִּיגֶען מִשְׁפָּט׃
3 אוּנְד דָאס װָעלֶען מִיר טְהוּן מִיט
גָאטֶעס װִילֶען׃
4 װָארִין עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ אַז דִיא
װָאס זֶענֶען אַמָאל דֶערְלֵייכְטֶעט גֶע־
װָארֶען, אוּנְד הָאבֶּען פֶערְזוּכְט דִיא
מַתָּנָה פוּן הִימֶעל, אוּנְד זֶענֶען בֶּעהֶעפְט
גֶעװָארֶען אִין דֶעם הֵיילִיגֶען גֵייסְט׃
5 אוּנְד הָאבֶּען פֶערְזוּכְט דָאס װָארְט
פוּן גָאט, אוּנְד דִיא קְרֶעפְטֶען פוּן
עוֹלָם הַבָּא׃
6 אוּנְד זֶענֶען װִידֶער אָפְּגֶעפַאלֶען,

כְּדֵי

כְּדֵי מֶען זָאל זַייא װידֶער אַמָאל דֶערְ־
גֵייעֶרֶען צוּ תְּשׁוּבָה, װייל זַייא הָאבֶּען
פַאר זִיךְ אַלֵיין נָאךְ אַמָאל גֶעקְרֵייצִיגְט
דֶעם זוּהְן פוּן גָאט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
עֶפֶּענְטלִיךְ פַּארְשֶׁעמְט:
7 װָארִין דִיא עֶרְד װָאס טְרִינְקְט אֵיין
דֶעם רֶעגֶען װָאס קוּמְט אָפְט דְרוֹיף,
אוּנְד בְּרֶענְגְט אַרוֹיס גוּטֶע קְרֵייטֶער
פַאר דִיא װָאס אַרְבֵּייטֶען דְרִינֶען,
אוּנְד גֶעמֶען אֵיין טֵייל אִין דִיא בְּרָכָה
פוּן גָאט:
8 אָבֶּער דִיא עֶרְד װָאס בְּרֶענְגְט
אַרוֹיס דֶערְנֶער אוּנְד דִיסְטֶלֶען אִיז
פַארְװָארפֶען, אוּנְד אִיז נָאהֶענְט צוּ
אֵיין פְלוּךְ, אוּנְד װֶערְט צוּם סוֹף
פַארבְּרֶענְט:
9 אָבֶּער גֶעלִיבְּטֶע, מִיר הָאפֶען בֶּעְ־
סֶערֶע זַאכֶען פוּן אֵייךְ, זַאכֶען װָאס
גֶעהֶערֶען צוּ יֵשׁוּעַ, חָאטְשֶׁע מִיר
רֶעדֶען אַזוֹי:
10 װָארִין גָאט אִיז נִיט אוּמְגֶערֶעכְט
דָאס עֶר זָאל פַארְגֶעסֶען אֵיירֶע מַעֲשִׂים
אוּנְד דִיא לִיבֶּע װָאס אִיהְר הָאט
בֶּעװִיזֶען קֶעגֶען זַיין נָאמֶען אִין דֶעם
װָאס אִיהְר הָאט בֶּעדִינְט דִיא הֵיילִיגֶע,
אוּנְד טְהוּט זַייא נָאךְ בֶּעדִינֶען:
11 אָבֶּער מִיר װִילֶען דָאס אִיטְלִיכֶער
פוּן אֵייךְ זָאל בֶּעװֵייזֶען דִיא זֶעלְבֶּע
פְלֵייסִיגְקֵייט, כְּדֵי צוּ דֶערְגְרֵייכֶען דֶעם
גַאנְצֶען בִּטָחוֹן פוּן דֶער הָאפֶענוּנְג בִּיז
צוּ דֶעם עֶנְד:
12 דָאס אִיהְר זָאלְט נִיט פוֹיל װֶערֶען,
נֵייעֶרְט דָאס אִיהְר זָאלְט נָאכְפָּאלְגֶען
דִיא װָאס הָאבֶּען דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען אוּנְד
גֶעדוּלְד גֶעעֶרְבְּט דִיא הַבְטָחוֹת:
13 װָארִין װֶען גָאט הָאט מַבְטִיחַ
גֶעװֶעזֶען צוּ אַבְרָהָם, װֶען עֶר הָאט
נִיט גֶעקֶענְט שְׁװֶערֶען בֵּייא אֵיין
גְרֶעסֶערֶען, הָאט עֶר גֶעשְׁװָאוִירֶען בֵּייא
זִיךְ אַלֵיין:
14 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִין
בֶּענְשֶׁען װֶעל אִיךְ דִיךְ בֶּענְשֶׁען, אוּנְד
אִין מֶעהְרֶען װֶעל אִיךְ דִיךְ פַּארְמֶעהְ־
רֶען:
15 אוּנְד װֶען עֶר הָאט גֶעהַארְט מִיט
גֶעדוּלְד, הָאט עֶר דִיא הַבְטָחָה
דֶערְהַאלְטֶען:
16 װָארִין מֶענְשֶׁען שְׁװֶערֶען בֵּייא
אֵיינֶעם גְרֶעסֶערֶען, װייל דִיא שְׁבוּעָה
אִיז צוּ זַייא אֵיינֶע בֶּעשְׁטֶעטִיגוּנְג אוּנְד
אֵיין סוֹף צוּ אַלֶע קְרִיג:
17 אִיבֶּער דֶעם, װֶען גָאט הָאט גֶעְ־
װָאלְט נָאךְ מֶעהְר בֶּעװֵייזֶען צוּ דִיא
יוֹרְשִׁים פוּן זַיינֶע הַבְטָחָה אַז זַיינֶע
עֵצָה פֶערְעֶנְדֶערְט נִיט, אַזוֹי הָאט עֶר
עֶס פֶערְשְׁטַארְקְט מִיט אַ שְׁבוּעָה:
18 דָאס דוּרךְ צְװֵייא אוּנְפֶערְעֶנְדֶערְ־
לִיכֶע זַאכֶען, אִין װֶעלְכֶע עֶס אִיז אוּנְ־
מֶעגְלִיךְ פַאר גָאט צוּ לֵייקֶענֶען, לְאַמִיר
הָאבֶּען אַ שְׁטַארְקֶען טְרֵייסְט, דִיא װָאס
מִיר זֶענֶען עֶנְטְרִינֶען כְּדֵי צוּ דֶערְגְרֵיי־
כֶען דִיא הָאפֶענוּנְג װָאס אִיז פַאר אוּנְס
גֶעזֶעצְט:
19 װֶעלְכֶע הָאפֶענוּנְג מִיר הָאבֶּען װִיא
אֵיין אַנְקֶער צוּ אוּנְזֶערֶע נְשָׁמָה, זִיכֶער
אוּנְד פֶעסְט, אוּנְד װָאס גְרֵייכְט אַרֵיין
אִינְװֵיינִיג פוּן דֶעם פָּרוֹכֶת:
20 װוּאוּהִין יֵשׁוּעַ, דֶער פָארְלֵייפֶער,
אִיז פַאר אוּנְס אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען, װָאס
עֶר אִיז גֶעװָארֶען אַ כֹּהֵן גָדוֹל אוֹיף
אֵייבִּיג נָאךְ דֶער אָרְדֶענוּנְג פוּן מַלְכִּי־
צֶדֶק:

## קאפיטעל ז

1 װָארִין דִיזֶער מַלְכִּי־צֶדֶק, דֶער מֶלֶךְ

פון שָׁלֵם, אַ כֹּהֵן פון דֶעם אייבֶּערְשְׁטֶען
גָאט, וָואס הָאט בֶּעגֶעגֶענְט אַבְרָהָם
וָוען עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט נָאכְדֶעם
אַז עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דִיא מְלָכִים,
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט:
2 צוּ וֶועלְכֶען אַבְרָהָם הָאט אָפְּגֶע־
טֵיילְט מַעֲשֵׂר פון אַלֶעס, צוּעֶרְשְׁט
וֶוערְט עֶר פֶערְדָאלְמֶעטְשְׁט אַ קֶענִיג
פון גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד דֶערְנָאךְ אויךְ
אַ קֶענִיג פון שָׁלֵם, וָואס הֵייסְט קֶענִיג
פון פְרִידֶען:
3 אָהְן אַ פָאטֶער, אָהְן אַ מוּטֶער,
אָהְן אַ יִחוּס, וָואס הָאט קֵיין אָנְהֵייבּ
פון טֶעג אוּנְד נִיט קֵיין סוֹף פון לֶעבֶּען,
אוּנְד וָואס עֶר אִיז גְלֵייךְ צוּם זוּהְן פון
גָאט, אוּנְד בְּלֵייבְּט אַ כֹּהֵן אויף
אֵייבִּיג:
4 נוּן בֶּעמֶערְקְט ווִיא גְרוֹיס עֶר וַואר,
צוּ וֶועלְכֶען דֶער עֶרְץ־פָאטֶער אַבְרָהָם
הָאט גֶעגֶעבֶּען מַעֲשֵׂר פון דֶעם רוֹיבּ:
5 אוּנְד דִיא וָואס וֶוענֶען דִיא קִינְדֶער
פון לֵוִי וָואס הָאבֶּען דֶערְהַאלְטֶען דִיא
כְּהוּנָה, הָאבֶּען אַ גֶעבָּאט זֵייא צוּ
נֶעמֶען מַעֲשֵׂר פון דֶעם פָאלְק נָאךְ
דֶעם גֶעזֶעץ, דָאס אִיז פון זֵייעֶרֶע
בְּרִידֶער, הָאטְשֶׁע זֵייא קוּמֶען אַרוֹיס
פון דִיא לֶענְדֶען פון אַבְרָהָם:
6 אָבֶּער דֶער וָואס אִיז נִיט פון זֵייעֶר
מִשְׁפָּחָה הָאט גֶענוּמֶען מַעֲשֵׂר פון
אַבְרָהָם, אוּנְד הָאט גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם
וָואס הָאט גֶעהַאט דִיא הַבְטָחוֹת:
7 אוּנְד אָהְן שׁוּם אָפְּוֶוענְדוּנְג, דֶער
קְלֶענֶערֶער וֶוערְט גֶעבֶּענְשְׁט פון דֶעם
בֶּעסֶערֶען:
8 אוּנְד דָא נֶעמֶען שְׁטֶערְבְּלִיכֶע
מֶענְשֶׁען מַעֲשֵׂר, אָבֶּער דָארְטֶען, דֶער
וָואס עֶס אִיז בֶּעצֵייגְט אַז עֶר לֶעבְּט:
9 אוּנְד אַזוֹי צוּ זָאגֶען, לֵוִי וָואס נֶעמְט
מַעֲשֵׂר, הָאט אויךְ מַעֲשֵׂר גֶעגֶעבֶּען
דוּרְךְ אַבְרָהָם:
10 וָוארִין עֶר וַואר נָאךְ אִין דִיא
לֶענְדֶען פון זֵיין פָאטֶער, וֶוען מַלְכִּי־
צֶדֶק אִיז אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶענְגֶעקוּמֶען:
11 וֶוען נוּן עֶס זָאל זֵיין דִיא פָאלְ־
קָאמֶענְהֵייט אִין דִיא כְּהוּנָה פון לֵוִי,
(וָוארִין דָאס פָאלְק הָאט דַארוֹיף דִיא
תּוֹרָה דֶערְהַאלְטֶען), וָואס הָאט מֶען נָאךְ
בֶּעדַארְפְט אַז אֵיין אַנְדֶערֶער כֹּהֵן זָאל
אוֹיפְשְׁטֵיין נָאךְ דֶער אָרְדֶענוּנְג פון
מַלְכִּי־צֶדֶק, אוּנְד נִיט נָאךְ דִיא אָרְדֶע־
נוּנְג פון אַהֲרֹן?
12 וָוארִין וֶוען דִיא כְּהוּנָה וֶוערְט
פֶערֶענְדֶערְט, אַזוֹי מוּז אויךְ זֵיין אַ
פֶערֶענְדֶערוּנְג אִין דֶער תּוֹרָה:
13 וָוארִין דֶער אויף וֶועלְכֶען דִיזֶעס
אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, גֶעהֶערְט צוּ אֵיין
אַנְדֶערֶען שֵׁבֶט, וָואס קֵיינֶער פון זֵייא
הָאט נִיט גֶענֶעהֶנְט צוּם מִזְבֵּחַ:
14 וָוארִין עֶס אִיז קְלָאר דָאס אוּנְזֶער
הַאר אִיז אַרוֹיסגֶעקוּמֶען פון יְהוּדָה,
אוּנְד פון דִיזֶען שֵׁבֶט הָאט מֹשֶׁה גָאר
נִיט גֶערֶעדְט וֶועגֶען דֶער כְּהוּנָה:
15 אוּנְד (וָואס מִיר זָאגֶען) אִיז נָאךְ
פִיל מֶעהְר קְלָארֶער, וֶוען עֶס זָאל אֵיין
אַנְדֶערֶער כֹּהֵן אוֹיפְשְׁטֵיין עֶר זָאל זֵיין
גְלֵייךְ צוּ מַלְכִּי־צֶדֶק:
16 וֶועלְכֶער וַואר נִיט גֶעמַאכְט נָאךְ
דֶעם פְלֵיישְׁלִיכֶען גֶעבָּאט, נֵייעֶרְט נָאךְ
דֶער קְרַאפְט פון אַ לֶעבֶּען וָואס הֶערְט
אֵייבִּיג נִיט אויף:
17 וָוארִין עֶר בֶּעצֵייגְט, דוּא בִּיסְט
אֵיין כֹּהֵן אויף אֵייבִּיג נָאךְ דֶער אָרְ־
דֶענוּנְג פון מַלְכִּי־צֶדֶק:
18 וָוארִין עֶס אִיז אֵיינֶע אָפְּשַׁאפוּנְג פון

דֶעם פָארִיגֶען גֶעבָּאט, וֵוייל עֶס וַואר
שְׁוַואךְ אוּנְד אוּמְנוּצִיג:
19 וָוארִין דִיא תּוֹרָה הָאט גָאר נִיט גַאנְץ
גֶעמַאכְט, גֵייעֶרְט דִיא אֵיינְפִירוּנְג פוּן אַ
בֶּעסֶערֶע הָאפֶענוּנְג, דוּרְךְ וֶועלְכֶער
מִיר קוּמֶען נָאהְנְט צוּ גָאט:
20 אוּנְד דָאס אִיז נִיט גֶעשֶׁעהֶען אָהְן
אַ שְׁבוּעָה אַז עֶר אִיז גֶעמַאכְט אַ כּוֹהֵן:
21 וָוארִין יֶענֶע זֶענֶען גֶעוָוארֶען
כּוֹהֲנִים אָהְן אַ שְׁבוּעָה; אָבֶּער דִיזֶער
מִיט אַ שְׁבוּעָה, דוּרְךְ דֶעם וָואס עֶר
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דֶער הַאר
הָאט גֶעשְׁוָואוירֶען אוּנְד עֶס וֶועט אִיהְם
נִיט לֵייד טְהוּן, דוּא בִּיסְט אַ כּוֹהֵן אוֹיף
אֵייבִּיג נָאךְ דֶער אָרְדֶענוּנְג פוּן מַלְכִּי־
צֶדֶק:
22 אוּם אַזוֹי פִיל מֶעהְר אִיז יֵשׁוּעַ אֵיין
עָרֵב גֶעוָוארֶען פַאר אַ בֶּעסֶערֶען בּוּנְד:
23 אוּנְד יֶענֶע זֶענֶען גֶעוֶוען פִילֶע
כּוֹהֲנִים, וֵוייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט
בְּלֵייבֶּען, דוּרְךְ דֶעם טוֹיט וָואס הָאט
זֵייא גֶעהִינְדֶערְט:
24 אָבֶּער דִיזֶער, וֵוייל עֶר בְּלֵייבְּט
אוֹיף אֵייבִּיג, אַזוֹי הָאט עֶר אַ כְּהוּנָּה
וָואס פַארְגֵייט נִיט:
25 דָארוּם קֶען עֶר אוֹיךְ גָאר אִים
גַאנְצֶען זֶעלִיג מַאכֶען, דִיא וָואס קוּמֶען
צוּ גָאט דוּרְךְ אִיהְם, וֵוייל עֶר לֶעבְּט
אוֹיף אֵייבִּיג אַז עֶר זָאל פַאר זֵייא
בֶּעטֶען:
26 דֶען אַזָא כּוֹהֵן גָדוֹל בֶּעדַארְפֶען
מִיר צוּ הָאבֶּען, וָואס אִיז הֵיילִיג, אוּמְ־
שׁוּלְדִיג, אָהְן אַ פְלֶעק, אָפְּגֶעשֵׁיידֶעט
פוּן זִינְדֶער, אוּנְד וָואס וַואר הֶעכֶער
פוּן דִיא הִימֶעלְן:
27 וָואס עֶר בֶּעדַארְף נִיט וִויא יֶענֶע
כּוֹהֲנִים גְדוֹלִים, אַז עֶר זָאל טֶעגְלִיךְ
מַקְרִיב זֵיין קָרְבָּנוֹת, צוּ עֶרְשְׁט פַאר
זֵיינֶע אֵייגֶענֶע זִינְדֶען, אוּנְד דֶערְנָאךְ
פַאר דִיא זִינְדֶען פוּן דֶעם פָאלְק,
וָוארִין דָאס הָאט עֶר אֵיין אֵיינְצִיג מָאל
גֶעטְהוּן, וֶוען עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין מַקְרִיב
גֶעוֶועזֶען:
28 וָוארִין דָאס גֶעזֶעץ מַאכְט מֶענְשֶׁען
פַאר כֹּהֲנִים גְדוֹלִים, וָואס הָאבֶּען
שְׁוַואכְהֵייטֶען, אָבֶּער דָאס וָוארְט פוּן
דֶער שְׁבוּעָה וָואס אִיז נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ,
מַאכְט דֶעם זוּהְן, וָואס אִיז פָאלְקָאמֶען,
אוֹיף אֵייבִּיג:

## קאפיטעל ח

1 אוּנְד נוּן דָאס אִיז דִיא הוֹיפְּטְזַאךְ
פוּן דֶעם וָואס מִיר הָאבֶּען גֶערֶעט, מִיר
הָאבֶּען אַ זָאלְכֶען כֹּהֵן גָּדוֹל, וָואס הָאט
זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן
דֶעם שְׁטוּל פוּן דֶער מַאיֶעסְטֶעט אִין
דֶעם הִימֶעל:
2 אַ מְשָׁרֵת פוּן דֶעם הֵיילִיגְטְהוּם,
אוּנְד פוּן דֶעם אֶמֶתֶן מִשְׁכָּן, וָואס גָאט
הָאט אוֹיפְגֶערִיכְטֶעט, אוּנְד נִיט קֵיין
מֶענְשׁ:
3 וָוארִין אִיטְלִיכֶער כּוֹהֵן גָדוֹל אִיז
גֶעזֶעצְט מַקְרִיב צוּ זֵיין גָאבֶּען (מְנָחוֹת)
אוּנְד שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער, דָארוּם אִיז
נֵייטִיג דָאס דִיזֶער (כּוֹהֵן גָדוֹל), זָאל
אוֹיךְ עֶטְוָואס הָאבֶּען מַקְרִיב צוּ זֵיין:
4 וָוארִין וֶוען עֶר הֶעט גֶעוֶועזֶען אוֹיף
דֶער עֶרְד אַזוֹי הֶעט עֶר גָארְנִיט גֶע־
וֶועזֶען קֵיין כּוֹהֵן וֵוייל עֶס זִינְד כּוֹהֲנִים
וָואס זֶענֶען מַקְרִיב גָאבֶּען אוּנְד
(שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער) נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ:
5 וֶועלְכֶע דִינֶען אַלְס בֵּיישְׁפִּיל אוּנְד
שָׁאטֶען פוּן דִיא הִימְלִישֶׁע זַאכֶען, אַזוֹי
וִויא מֹשֶׁה וַואר גֶעוָוארֶענְט (אָדֶער
בֶּעלֶעהְרְט) פוּן גָאט וֶוען עֶר הָאט

גֶעדַאכְט דָאס מִשְׁכָּן צוּ בּויֶען, וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה דוּא זָאלְסְט אַלֶעס מַאכֶען נָאךְ דֶעם מוּסְטֶער וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעוויזֶען אויף דֶעם בַּארְג:

6 אָבֶּער יֶעצְט הָאט עֶר אַ פִּיל בֶּעסֶערֶען דִינְסְט דֶערְהַאלְטֶען, ווייל עֶר אִיז אויךְ אַ פַּארְמִיטְלֶער פוּן אֵיין בֶּעסֶערֶען בּוּנְד (בְּרִית), וָואס אִיז בֶּעשְׁטִימְט אויף פִּיל בֶּעסֶערֶע הַבְטָחוֹת:

7 וָוארִין וֶוען דֶער עֶרְשְׁטֶער בְּרִית וָואלְט גֶעוֶועזֶען אָהְן אַ פֶּעהְלֶער, אַזוי וָואלְט מֶען נִיט גֶעזוּכְט אֵיין פְּלַאטְץ פַאר אֵיין אַנְדֶערֶען:

8 וָוארִין וֶוען עֶר קְרִיגְט זִיךְ מִיט זֵייא זָאגְט עֶר, זֶעהְט דִיא צֵייט קוּמְט, זָאגְט דֶער הַאר, דָאס אִיךְ וֶועל מַאכֶען מִיט דֶעם הויז יִשְׂרָאֵל אוּנְד מִיט דֶעם הויז יְהוּדָה אַ נֵייֶעם בּוּנְד:

9 נִיט וְוִיא דֶער בּוּנְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט מִיט זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, אִין דֶעם טָאג וֶוען אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶענוּמֶען בַּייא דֶער הַאנְד, אַז אִיךְ זָאל זֵייא אַרויס צִיהֶען פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, וָוארִין זֵייא זֶענֶען נִיט גֶעבְּלִיבֶּען אִין מֵיין בּוּנְד, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא פַארְוָוארְפֶען, זָאגְט דֶער הַאר (גָאט):

10 וָוארִין דָאס אִיז דֶער בּוּנְד וָואס אִיךְ וֶועל מַאכֶען מִיט דֶעם הויז פוּן יִשְׂרָאֵל נָאךְ דִיזֶער צֵייט, זָאגְט דֶער הַאר (גָאט), אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען מֵיינֶע תּוֹרָה אִין זֵייעֶר אִינְוֶוענִיג, אוּנְד אִיךְ וֶועל זִיא אָנְשְׁרֵייבֶּען אויף זֵייעֶר הַארְץ, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵיין זֵייעֶר גָאט, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין מֵיין פָאלְק:

11 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען נִיט מֶעהְר לֶערְנֶען אִיטְלִיכֶער זֵיין חַבֶר, אוּנְד אִיטְלִיכֶער זֵיין בְּרוּדֶער, (לֵאמֹר). אַזוי צוּ זָאגֶען, קֶענְט דֶעם הַאר, וָוארִין אַלֶע וֶועלֶען מִיךְ קֶענֶען, פוּן דֶעם קְלֵיינְסְטֶען בִּיז צוּ דֶעם גְרֶעסְטֶען:

12 וָוארִין אִיךְ וֶועל מִיךְ דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער זֵייעֶרֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע זִינְדֶען וֶועל אִיךְ נִיט מֶעהְר גֶעדֶענְקֶען:

13 אִין דֶעם דָאס עֶר זָאגְט אֵיין נֵייעֶן בּוּנְד, הָאט עֶר דֶעם עֶרְשְׁטֶען אַלְט גֶעמַאכְט, אָבֶּער דָאס וֶועלְכֶעס אִיז אַלְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיז פֶערְעֶלְטֶערְט, אִיז נָאהֶנְט צוּם פֶערְשְׁוִוינְדֶען:

קאפיטעל ט

1 נוּן, הָאט אויךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער (בְּרִית) גֶעהַאט גֶעזֶעצֶע פוּן גָאטֶעס דִינְסְט, אוּנְד אַ הֵיילִיגְטְהוּם, אֵיין מִשְׁכָּן אויף דֶער עֶרְד:

2 וָוארִין דָאס עֶרְשְׁטֶע מִשְׁכָּן אִיז פַארְפַארְטִיגְט גֶעוָוארֶען, וָואס עֶס וַואר דְרִינֶען דִיא מְנוֹרָה אוּנְד דֶער שֻׁלְחָן, אוּנְד דָאס לֶחֶם הַפָּנִים, אוּנְד עֶס הָאט גֶעהֵייסֶען הֵיילִיגְטְהוּם:

3 אָבֶּער אוּנְטֶער דֶעם אַנְדֶערֶען פָּרוֹכֶת וַואר דָאס מִשְׁכָּן וָואס וַואר גֶערוּפֶען דָאס אַלֶער־הֵיילִיגְסְטֶע:

4 וָואס הָאט גֶעהַאט אַ גָאלְדֶענֶע פֵייעֶר־פַאן, אוּנְד דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם בְּרִית, וָואס וַואר אַרוּמְגֶעדֶעקְט מִיט גָאלְד פוּן אַלֶע זֵייטֶען, אוּנְד דְרִינֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גָאלְדֶענֶער קְרוּג וָואס הָאט אִין זִיךְ גֶעהַאלְטֶען דֶעם מָן, אוּנְד דֶער שְׁטֶעקֶען פוּן אַהֲרֹן וָואס הָאט גֶעבְּלִיט, אוּנְד דִיא לוּחוֹת פוּן דֶעם בְּרִית:

5 אוּנְד אויבֶּען דַארִיבֶּער וַוארֶען דִיא כְּרוּבִים פוּן הֶערְלִיכְקֵייט, וָואס הָאבֶּען

בֶּערֶעקְט דֶעם כַּפּוֹרֶת, פוּן וֶועלְכֶע זַאכֶען מִיר קֶענֶען יֶעצְט נִיט אֵיינְצִיגְ־וַוייז רֶעדֶען׃

6 אוּנְד וֶוען דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען אַזוֹי אֵיינְגֶערִיכְטֶעט גֶעוָוארֶען, זֶענֶען דִיא כּוֹהֲנִים בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען מִשְׁכָּן אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען דֶעם דִינְסְט גֶעטְהוּן׃

7 אָבֶּער אִין דֶעם אַנְדֶערְן אִיז נָאר דֶער כּוֹהֵן גָּדוֹל אַלֵיין אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אֵיין אֵיינְצִיג מָאל אִים יָאהְר, נִיט אָהְן בְּלוּט, וָואס עֶר הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען פַאר זִיךְ אַלֵיין אוּנְד פַאר דִיא אִירְטִיטֶער (שְׁגָגוֹת) פוּן דֶעם פָאלְק׃

8 דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ הָאט דָאס צוּ פַארשְׁטֵיין גֶעגֶעבֶּען, אַז דֶער וֶועג צוּ דֶעם קוֹדֶשׁ הַקֳדָשִׁים אִיז נָאךְ נִיט אָפֶען גֶעוֶועזֶען אַזוֹי לַאנְג וִויא דָאס עֶרְשְׁטֶע מִשְׁכָּן אִיז נָאךְ גֶעשְׁטַאנֶען׃

9 וָואס וַואר אֵיין גְלֵייכְנִיס אוֹיף יֶענֶער צֵייט, וֶוען מֶען הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען גַאבֶּען אוּנְד אָפְּפֶער, וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט פָאלְקָאמֶען מַאכֶען דָאס גֶעוִויסֶען פוּן דֶעם וָואס טְהוּט דֶעם גָאטֶעס־דִינְסְט׃

10 וַוייל עֶס בֶּעשְׁטֵייט (אִין עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען אוּנְד פֶערְשִׁידֶענֶע טְבִילוֹת) אוּנְד אִין פְלֵיישְׁלִיכֶע גֶעזֶעצֶען וָואס וַואר אוֹיף אִיהְם אוֹיפְגֶעלֵייגְט, בִּיז צוּ דֶער צֵייט פוּן פַארְבֶּעסֶערוּנְג׃

11 אָבֶּער דֶער מָשִׁיחַ אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זֵיין אַ כּוֹהֵן גָּדוֹל פוּן בֶּעסֶערֶע זַאכֶען, דוּרְךְ אַ גְרֶעסֶערֶען אוּנְד פָאלְקָאמֶענֶערְן מִשְׁכָּן, נִיט מִיט דֶער הַאנְד גֶעמַאכְט, דָאס הֵייסְט, נִיט פוּן דִיזֶען בֶּעשֶׁעפֶענִיס׃

12 אוֹיךְ נִיט דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט פוּן צִיגֶען אוּנְד קֶעלְבֶּער, נֵייעֶרְט דוּרְךְ זֵיין אֵייגֶען בְּלוּט, אִיז עֶר אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אֵיין פִיר אַלֶע מָאל אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט, אוּנְד הָאט דֶערְהַאלְטֶען אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע דֶערְלֵייזוּנְג׃

13 וָוארִין וֶוען דָאס בְּלוּט פוּן צִיגֶען אוּנְד אָקְסֶען, אוּנְד דִיא אַשׁ פוּן דֶער קוּה וָואס עֶס וַואר גֶעשְׁפְּרֶענְקֶעלְט אוֹיף דִיא אוּנְרֵיינֶע, הָאט גֶעהֵיילִיגְט צוּ רֵיינִיגֶען פוּן דֶעם פְלֵייש׃

14 מִכָּל־שֶׁכֵּן וֶועט דָאס בְּלוּט פוּן דֶעם מָשִׁיחַ, וָואס הָאט זִיךְ אַלֵיין מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען אָהְן אַ מוּם צוּ גָאט דוּרְךְ דֶעם אֵייבִּיגֶען גֵייסְט, כְּדֵי צוּ רֵיינִיגֶען אוּנְזֶער גֶעוִויסֶען פוּן טוֹיטֶע וֶוערְקֶע אוּנְד צוּ דִינֶען דֶעם לֶעבֶּעדִי־גֶען גָאט׃

15 אוּנְד דָארוּם אִיז עֶר דֶער פַארְ־מִיטְלֶער (מֵלִיץ) פוּן דֶעם נֵייעֶם בְּרִית, דָאס דוּרְךְ דֶעם טוֹיט וָואס וַואר אֵיינֶע אוֹיסְלֵייזוּנְג פוּן דִיא זִינְדֶען וָואס וַוארֶען אוּנְטֶער דֶעם עֶרְשְׁטֶען בְּרִית, דָאס דִיא בֶּערוּפֶענֶע זָאלֶען דֶערְהַאלְטֶען דִיא הַבְטָחָה פוּן דֶעם אֵייבִּיגֶען עֶרְבְּ־טֵייל׃

16 וָוארִין אַוְואוּ אֵיינֶע צְוָואָה אִיז דָא מוּז זֵיין דִיא נוֹיטְוֶוענְדִיגְקֵייט פוּן דֶעם טוֹיט פוּן דֶעם וָואס הָאט גֶעמַאכְט דִיא צְוָואָה׃

17 וָוארִין אֵיינֶע צְוָואָה וֶוערְט בֶּע־שְׁטֶעטִיגְט נוּר דוּרְךְ דֶעם טוֹיט, וָוארִין עֶס הָאט קֵיינֶע שְׁטַארְקֵייט נִיט וֶוען דֶער וָואס הָאט גֶעמַאכְט דִיא צְוָואָה לֶעבְּט׃

18 דָארוּם אִיז אֲפִילוּ דֶער עֶרְשְׁטֶער בְּרִית אוֹיךְ נִיט גֶעשְׁטִיפְטֶעט גֶעוָוארֶען אָהְן בְּלוּט׃

19 וָוארִין וָוען משֶׁה הָאט אויסְגֶערֶעט אַטְלִיכֶעס גֶעבָּאט צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ, אַזוֹי הָאט עֶר גֶענוּמֶען דָאס בְּלוּט פוּן קֶעלְבֶּער אוּנְד צִיגֶען, מִיט וַואסֶער אוּנְד פוּרְפֶּעל־וָואל, אוּנְד אֵזוֹב, אוּנְד הָאט עֶס בֶּעשְׁפְּרֶענְגְט אויף דֶעם סֵפֶר אוּנְד אויף דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק :

20 אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז דָאס בְּלוּט פוּן דֶעם בְּרִית וָואס גָאט הָאט אֵייךְ גֶעבָּאטֶען :

21 אוּנְד הָאט אויךְ בֶּעשְׁפְּרֶענְגְט אִין דֶערְזֶעלְבֶּער וַוייזֶע דָאס מִשְׁכָּן אוּנְד אַלֶע כֵּלִים פוּן דֶעם דִינְסְט, מִיט בְּלוּט :

22 אוּנְד כִּמְעַט אַלֶעס וֶוערְט גֶערֵיינִיגְט מִיט בְּלוּט נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ, אוּנְד אָהְן פַארְגִיסוּנְג פוּן בְּלוּט אִיז קֵיינֶע פַארְגֶעבּוּנְג :

23 דָארוּם וַואר עֶס נֵייטִיג אַז דָאס מוּסְטֶער פוּן דִיא הִימְלִישֶׁע זַאכֶען זָאל מִיט דִיזֶען גֶערֵיינִיגְט וֶוערֶען, אָבֶּער דִיא הִימְלִישֶׁע אַלֵיין מוּזֶען גֶערֵיינִיגְט וֶוערֶען מִיט בֶּעסֶערֶע קָרְבָּנוֹת פוּן דִיזֶע :

24 וָוארִין דֶער מָשִׁיחַ אִיז נִיט אַרֵיין גֶעקוּמֶען אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט וָואס אִיז גֶעמַאכְט מִיט הֶענְד, וָואס וַואר אַ מוּסְטֶער פוּן דֶעם וָואהְרֶען, גֵייעֶרְט אִין דֶעם הִימֶעל זֶעלְבְּסְט, אַז עֶר זָאל זִיךְ יֶעצְט וַוייזֶען, פַאר גָאט וֶועגֶען אוּנְס :

25 אויךְ נִיט אַז עֶר זָאל זִיךְ אָפְט אַלֵיין מַקְרִיב זַיין, אַזוֹי וִויא דֶער כּוֹהֵן גָדוֹל אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט, אַלֶע יָאהְר מִיט פְּרֶעמְדֶעם בְּלוּט :

26 וָוארִין וֶוען נִיט, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעמוּסְט אָפְט לֵיידֶען זַייט דֶער גְרִינְדוּנְג דֶער וֶועלְט, אָבֶּער יֶעצְט הָאט עֶר זִיךְ בֶּעוַויזֶען אֵיין מָאל אַם עֶנְדֶע דֶער צֵייט, אַז עֶר זָאל פַארְלֶענְדֶען דִיא זִינְדֶע דוּרְךְ דֶעם קָרְבָּן פוּן זִיךְ אַלֵיין :

27 אוּנְד אַזוֹי וִויא עֶס אִיז בֶּעשְׁטִימְט פַאר דִיא מֶענְשֶׁען אֵיינְמָאל צוּ שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דֶערְנָאךְ דָאס מִשְׁפָּט :

28 אַזוֹי הָאט זִיךְ אויךְ דֶער מָשִׁיחַ אֵיין מָאל מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען, כְּדֵי עֶר זָאל אַוֶועק נֶעמֶען דִיא זִינְדֶען פוּן פִילֶע, אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ דָאס צְווֵייטֶע מָאל בֶּעוַוייזֶען אָהְנֶע זִינְדֶע, צוּ דִיא וָואס הָאפֶען אויף אִיהְם צוּר זֶעלִיגְקֵייט :

קאפיטעל י

1 וָוארִין דִיא תּוֹרָה, וָואס הָאט דֶעם שָׁאטֶען פוּן גוּטֶע זַאכֶען, אוּנְד נִיט דָאס בִּילְד אַלֵיין פוּן דִיא זַאכֶען, קֶען קֵיין מָאל נִיט פָאלְקָאמֶען מַאכֶען דִיא וָואס קוּמֶען דֶערְצוּ מִיט דִיא זֶעלְבֶּע קָרְבָּנוֹת וָואס זֵייא זֶענֶען שְׁטֶענְדִיג מַקְרִיב אַלֶע יָאהְר :

2 וָוארִין וֶוען נִיט, אַזוֹי וָואלְטֶען זֵייא אויפְגֶעהֶערְט מַקְרִיב צוּ זַיין, וַוייל דִיא דִינֶערְס וָואס זֶענֶען אֵיינְמָאל גֶערֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען וָואלְטֶען מֶעהְר נִיט גֶעהַאט קֵיין גֶעווִיסֶען פוּן זִינְדֶען :

3 אָבֶּער אִין דִיזֶע קָרְבָּנוֹת אִיז אַלֶע יָאהְר דָא אַ גֶעדֶעכֶענִיס פוּן זִינְדֶען :

4 וָוארִין עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ אַז דָאס בְּלוּט פוּן אָקְסֶען אוּנְד פוּן צִיגֶען זָאלֶען זִינְדֶען אַוֶועקְנֶעמֶען :

5 דָארוּם וֶוען עֶר קוּמְט אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיין, זָאגְט עֶר, שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער אוּנְד שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער הָאסְט דוּא נִיט

גֶעוָואלְט, אָבֶּער אַ לֵייבּ הָאסְט דוּא מִיר אָנְגֶעבְּרֵייט ׃

6 בְּרַאנְד־אָפְּפֶער אוּנְד זִינְד־אָפְּפֶער זָענֶען דִיר נִיט גֶעפֶעלֶען ׃

7 דֶענְסְמָאלְט הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, זָעה, אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען, אִין דֶער מְגִלָּה (רָאלֶע) פוּן דֶעם בּוּךְ אִיז עֶס וֶועגֶען מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען, צוּ טְהוּן דֵיין ווִילֶען, אוֹי גָאט ׃

8 וֶוען עֶר זָאגְט אוֹיבֶּען, שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער אוּנְד שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער, אוּנְד בְּרַאנְד־אָפְּפֶער אוּנְד קָרְבָּנוֹת פַאר דִיא זִינְדֶע, הָאסְט דוּא נִיט גֶעוָואלְט, אוּנְד זֵייא זָענֶען דִיר נִיט ווָאוילְגֶעפַאלֶען, (וָואס מֶען הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ) ׃

9 דֶערְנָאךְ זָאגְט עֶר, זָעה, אִיךְ קוּם אוֹי גָאט, דֵיין ווִילֶען צוּ טְהוּן, אַזוֹי נֶעמְט עֶר אַוֶועק דָאס עֶרְשְׁטֶע, כְּדֵי עֶר זָאל אוֹיפְרִיכְטֶען דָאס אַנְדֶערֶע ׃

10 אוּנְד בֵּייא דִיזֶען וֶועלֶען מִיר זָענֶען גֶעהֵיילִיגְט, דוּרְךְ דֶעם וָואס יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ הָאט אֵיין אֵיינְצִיג מָאל זֵיין לֵייבּ מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען ׃

11 אוּנְד יֶעדֶער כֹּהֵן שְׁטֵייט אַלֶע טָאג אוּנְד דִינְט, אוּנְד אִיז אָפְט מַקְרִיב דִיא זֶעלְבֶּע קָרְבָּנוֹת, וָואס קֶענֶען קֵיין מָאל נִיט אַוֶועקְנֶעמֶען דִיא זִינְדֶען ׃

12 אָבֶּער דִיזֶער, וֶוען עֶר הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען אַ קָרְבָּן פַאר דִיא זִינְדֶען אוֹיף אֵייבִּיג, הָאט עֶר זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן גָאט ׃

13 אוּנְד עֶר טְהוּט וַוארְטֶען בִּיז זֵיינֶע פֵיינְד וֶועלֶען גֶעמַאכְט וֶוערֶען פַאר אַ פוּס־בֶּענְקֶעל צוּ זֵיינֶע פִּיס ׃

14 וָוארִין מִיט אֵיין קָרְבָּן הָאט עֶר אוֹיף אֵייבִּיג פָאלְקָאמֶען גֶעמַאכְט דִיא וָואס וֶוערֶען גֶעהֵיילִיגְט ׃

15 אוּנְד דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ זָאגְט אוּנְס אוֹיךְ עֵדוּת, וָוארִין נָאכְדֶעם עֶר הָאט פְרִיעֶר גֶעזָאגְט ׃

16 דָאס אִיז דֶער בְּרִית וָואס אִיךְ וֶועל מִיט זֵייא מַאכֶען נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע טֶעג, זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען מֵיינֶע תּוֹרָה אִין זֵייעֶר הַארְץ, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס אוֹיפְשְׁרֵייבֶּען אוֹיף זֵייעֶר פַארְשְׁטַאנְד ׃

17 אוּנְד זֵייעֶרֶע זִינְדֶען אוּנְד זֵייעֶרֶע אִיבֶּערטְרֶעטוּנְגֶען וֶועל אִיךְ נִיט מֶעהְר גֶעדֶענְקֶען ׃

18 אָבֶּער וְואוּ עֶס אִיז פַארהַאנֶען פַארְגֶעבּוּנְג פוּן דִיזֶען, דָארְט אִיז נִיט מֶעהְר פַארהַאנֶען קֵיין קָרְבָּן פַאר זִינְדֶע ׃

19 דָארוּם בְּרִידֶער, ווייל מִיר הָאבֶּען פְרֵייהַייט אַרֵיינְצוּקוּמֶען אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט פוּן יֵשׁוּעַ ׃

20 דוּרְךְ דֶעם נֵייעֶם אוּנְד לֶעבֶּעדִיגֶען וֶועג וָואס עֶר הָאט פַאר אוּנְס מְחַנֵךְ גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ דֶעם פָּרוֹכֶת, דָאס הֵייסְט, זֵיין פְלֵיישׁ ׃

21 אוּנְד ווייל מִיר הָאבֶּען אַ כֹּהֵן גָדוֹל אִיבֶּער דֶעם הוֹיז פוּן גָאט ׃

22 אַזוֹי לָאמִיר צוּ טְרֶעטֶען מִיט אַ וָוארְהַאפְטִיגֶעם הַארְץ, אוּנְד מִיט פָאלֶען גְלוֹיבֶּען, אוּנְד אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער גֶע־שְׁפְּרֶענְקֶעלְט פוּן אַ שְׁלֶעכְטֶען גֶעוִויסֶען אוּנְד אוּנְזֶערֶע לֵייבֶּער גֶעוַואשֶׁען מִיט רֵיין וַואסֶער ׃

23 אוּנְד לָאמִיר פֶעסְטְהַאלְטֶען דָאס בֶּעקֶענְטֶענִיס פוּן אוּנְזֶערֶע הָאפֶענוּנְג אוּמְבֶּעוֶועגְלִיךְ, וָוארִין דֶער וָואס הָאט

גֶעגֶעבֶּען דִיא הַבְטָחָה אִיז אַ בֶּער־
גְלַייבְּטֶער:
24 אוּנְד לָאמִיר אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אֵיינֶער
אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן, אָנְצוּרֵייצֶען צוּ
לִיבְּשַׁאפְט אוּנְד צוּ גוּטֶע מַעֲשִׂים:
25 אוּנְד מִיר זָאלֶען נִיט פַארְלָאזֶען
אוּנְזֶער צוּזַאמֶענְקוּמֶען, אַזוֹי וִויא עֶטְ־
לִיכֶע פִירֶען זִיךְ, נֵייעֶרְט לָאז אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערֶען דֶערְמָאנֶען, אוּנְד נָאךְ
מֶעהְר ווייל אִיהְר זֶעהְט אַז דֶער טָאג
אִיז נָאהֶענְט:
26 וָוארִין וֶוען מִיר זִינְדִיגֶען מוּטְוִוילִיג
(בְּמֵזִיד) נָאךְ דֶעם מִיר הָאבֶּען בֶּעקוּמֶען
דִיא וִויסֶענְשַׁאפְט פוּן דֶער וָוארְהַייט,
אַזוֹי בְּלַייבְּט מֶעהְר נִיט אִיבֶּער קֵיין
קָרְבָּן פַאר זִינְדֶע:
27 נֵייעֶרְט מִיר הָאבֶּען מִיט פוּרְכְט
צוּ דֶערְוַוארְטֶען אַ מִשְׁפָּט, אוּנְד אַ
פֵייעֶרְדִיגֶע קִנְאָה (אֵייפֶער) וָואס וֶועט
דִיא פֵיינְד פֶערְצֶערֶען:
28 אֵיין מֶענְשׁ וָואס הָאט עוֹבֵר גֶע־
וֶועזֶען תּוֹרַת מֹשֶׁה, דֶער מוּז אָהְן
רַחְמָנוּת שְׁטַארְבֶּען דוּרְךְ צְוֵייא אָדֶער
דְרֵייא עֵדוּת:
29 וִויא פִיל עֶרְגֶערֶע שְׁטְרָאף, דֶענְקְט
אִיהְר, וֶועט דֶער וֶוערְט זַיין וָואס הָאט
גֶעטְרֶעטֶען מִיט זַיינֶע פִיס דֶעם זוּהְן
גָאטֶעס, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאלְטֶען
פַאר אוּמְרֵיין דָאס בְּלוּט פוּן דֶעם
בְּרִית, מִיט וָואס עֶר וַואר גֶעהֵיילִיגְט,
אוּנְד הָאט גֶעלֶעסְטֶערְט דֶעם גֵייסְט
פוּן דֶער גְנָאד:
30 וָוארִין מִיר קֶענֶען דֶעם, וָואס הָאט
גֶעזָאגְט, דִיא נְקָמָה (רַאכֶע) אִיז מֵיין,
אִיךְ וֶועל בֶּעצָאלֶען, אוּנְד וִוידֶער,
דֶער הַאר גָאט וֶועט זַיין פָאלְק רִיכְ־
טֶען:
31 עֶס אִיז אַ פוּרְכְטְלִיכֶע זַאךְ אַרֵיין
צוּ פַאלֶען אִין דִיא הֶענְד פוּן דֶעם
לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט:
32 אָבֶּער גֶעדֶענְקְט אָן דִיא פְרִיהֶערֶע
צֵייט, אִין וֶועלְכֶע נָאךְ דֶעם אִיהְר זֶענְט
דֶערְלֵייכְטֶעט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אִיהְר
הָאט גֶעלִיטֶען אַ גְרוֹיסֶען קַאמְפְּף פוּן
לֵיידֶען:
33 טֵיילְוֵוייז דוּרְךְ חַרְפּוֹת אוּנְד צָרוֹת,
אוּנְד טֵיילְוֵוייז, ווייל אִיהְר זֶענְט גֶע־
וָוארֶען דִיא חֲבֵרִים פוּן דִיא וֶועלְכֶע
זֶענֶען אַזוֹי בֶּעהַאנְדֶעלְט גֶעוָוארֶען:
34 וָוארִין אִיהְר הָאט גֶעהַאט מִיטְלֵייד
מִיט מִיר אִין מֵיינֶע גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט,
אוּנְד אִיהְר הָאט מִיט פְרֵיידֶע אָנְגֶעזֶעהֶען
דֶעם רוֹיבּ פוּן אֵיירֶע גִיטֶער, ווייל אִיהְר
ווייסְט, דָאס אִיהְר הָאט זֶעלְבְּסְט אִים
הִימֶעל, אַ בֶּעסֶערֶעס גוּט, אוּנְד אַ
בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶעס:
35 דָארוּם פַארְוַוארְפְט נִיט אֵיירֶער
בִּטָחוֹן וָואס הָאט אַ גְרוֹיסֶען שָׂכָר:
36 וָוארִין אִיהְר בֶּעדַארְפְט גֶעדוּלְד,
אַז אִיהְר זָאלְט טְהוּן דֶעם ווילֶען פוּן
גָאט, אוּנְד זָאלְט דֶערְהַאלְטֶען דִיא
הַבְטָחָה:
37 וָוארִין אִין נָאךְ אַ קְלֵיינֶע ווײלֶע,
אַזוֹי וֶועט דֶער קוּמֶען וָואס זָאל קוּמֶען,
אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ נִיט זוֹימֶען:
38 אָבֶּער דֶער צַדִּיק וֶועט דוּרְךְ זַיין
גְלוֹיבֶּען לֶעבֶּען, אוּנְד אוֹיבּ עֶר וֶועט
זִיךְ צוּרִיק צִיהֶען, אַזוֹי וֶועט מֵיינֶע
זֶעלֶע אִין אִיהְם קֵיינֶע לוּסְט הָאבֶּען:
39 אָבֶּער מִיר זֶענֶען נִיט פוּן דִיא
וָואס וֶועלֶען זִיךְ צוּרִיק צִיהֶען, אוּנְד
וֶוערֶען פַארְלוֹירֶען, נֵייעֶרְט פוּן דִיא
וָואס גְלוֹיבֶּען צוּר רֶעטוּנְג פוּן דֶער
זֶעלֶע:

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד דֶער גְלויבֶּען אִיז דֶער בֶּעַ־
שְׁטַאנְד פוּן דִיא זַאכֶען אוֹיף װעלְכֶע
מֶען הָאפְט, דֶער בֶּעװֵייז פוּן דִיא
זַאכֶען װָאס מֶען זֶעהְט נִיט׃
2 װָארִין דוּרְךְ דִיזֶען הָאבֶּען דִיא
אַלְטֶע דָאס צֵייגְנִיס דֶערְהַאלְטֶען׃
3 דוּרְךְ דֶעם גְלויבֶּען פֶערשְׁטֵייעֶן
מִיר, אַז דִיא װעלְטֶען זֶענֶען גֶעמַאכְט
דוּרְךְ דֶעם װָארְט פוּן גָאט, אוּנְד דִיא
זַאכֶען װָאס װערֶען גֶעזֶעהֶען קוּמֶען
אַרוֹיס פוּן דִיא זַאכֶען װָאס מֶען
זֶעהְט נִיט׃
4 דוּרְךְ דֶעם גְלויבֶּען הָאט הֶבֶל
מַקְרִיב גֶעװֶען צוּ גָאט אַ בֶּעסֶערֶעס
קָרְבָּן װִיא קַיִן, דוּרְךְ װעלְכֶען עֶס װַאר
בֶּעצֵייגְט, דָאס עֶר װַאר אַ צַדִיק;
װֵייל גָאט הָאט בֶּעצֵייגְט אוֹיף זֵיינֶע
גָאבֶּען, אוּנְד דוּרְךְ דֶעם, רֶעט עֶר
נָאךְ חָאטְשֶׁע עֶר אִיז טוֹיט׃
5 דוּרְךְ דֶעם גְלויבֶּען אִיז חֲנוֹךְ
אַװֶעקְגֶענוּמֶען גֶעװָארֶען, כְּדֵי עֶר זָאל
נִיט זֶעהֶן דֶעם טוֹיט, אוּנְד עֶר װַאר
נִיט גֶעפוּנֶען, װֵייל גָאט הָאט אִיהְם
אַװֶעקְגֶענוּמֶען, װָארִין אֵיידֶער עֶר אִיז
אַװֶעקְגֶענוּמֶען גֶעװָארֶען װַאר עֶס אוֹיךְ
אוֹיף אִיהְם בֶּעצֵייגְט אַז עֶר הָאט
גָאט װְאוֹילְגֶעפַאלֶען׃
6 אָבֶּער אָהְן גְלויבֶּען אִיז עֶס אוּנְ־
מֶעגְלִיךְ אִיהְם צוּ גֶעפֶעלֶען; װָארִין
דֶער װָאס קוּמְט צוּ אִיהְם, מוּז גְלוֹי־
בֶּען אָז עֶס אִיז דָא אַ גָאט, אוּנְד אִז
עֶר אִיז אַ פֶּערְגֶעלְטֶער צוּ דִיא װָאס
זוּכֶען אִיהְם׃
7 דוּרְךְ דֶעם גְלויבֶּען הָאט נֹחַ, װֶען
עֶר װַאר גֶעװָארֶענְט פוּן גָאט װֶעגֶען
דִיא זַאכֶען װָאס עֶר הָאט נָאךְ נִיט
גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען,
אוּנְד הָאט גֶעמַאכְט אַ תֵּיבָה כְּדֵי זֵיין
הוֹיז צוּ רֶעטֶען, דוּרְךְ װעלְכֶען עֶר
הָאט דִיא װעלְט בֶּעשׁוּלְדִיגְט, אוּנְד
אִיז גֶעװָארֶען אַ יוֹרֵשׁ פוּן דֶער
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט װָאס אִיז דוּרְךְ דֶעם
גְלויבֶּען׃
8 דוּרְךְ דֶעם גְלויבֶּען הָאט אַבְרָהָם
גֶעהָארְכְט, װֶען עֶר װַאר בֶּערוּפֶען
אַװֶעק צוּ גֵיין אִין אֵיין אַנְדֶער אָרְט
װעלְכֶען עֶר זָאל דֶערְנָאךְ דֶערְהַאלְטֶען
פַאר אֵיינֶע עֶרְבְשַׁאפְט, אוּנְד עֶר אִיז
אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט נִיט גֶעװְאוּסְט
װְאוּ אַהִין עֶר װֶעט קוּמֶען׃
9 דוּרְךְ דֶעם גְלויבֶּען הָאט עֶר זִיךְ
אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען אִין דֶעם לַאנְד פוּן
דֶער פֶערְהֵייסוּנְג (הַבְטָחָה) װִיא אִין
אֵיין פְרֶעמְד לַאנְד, אוּנְד הָאט גֶעװְאוֹינְט
אִין גֶעצֶעלְטֶען מִיט יִצְחָק אוּנְד יַעֲקוֹב
װָאס הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶעיַרְשׁ'נְט
דִיא זֶעלְבֶּע הַבְטָחָה׃
10 װָארִין עֶר הָאט גֶעװַארְט אוֹיף אַ
שְׁטָאט װָאס הָאט אַ גְרוּנְד, װָאס גָאט
אִיז דֶער בּוֹימֵייסְטֶער אוּנְד בֶּעשֶׁעפֶער
דֶערְפוּן׃
11 דוּרְךְ דֶעם גְלויבֶּען הָאט אַפִילוּ
שָׂרָה קְרַאפְט בֶּעקוּמֶען כְּדֵי שְׁװַאנְגֶער
צוּ װערֶען, װֶען זִיא װַאר אִיבֶּער אִיהְר
עֶלְטֶער, װֵייל זִיא הָאט דֶעם גֶעטְרֵייא
גֶעהַאלְטֶען װָאס הָאט דִיא הַבְטָחָה
גֶעגֶעבֶּען׃
12 אוּנְד דָארוּם אִיז אוֹיךְ אַרוֹיסְגֶעקוּ־
מֶען פוּן אֵיינֶעם װָאס װַאר אַזוֹי גוּט
װִיא טוֹיט, אַזוֹי פִיל װִיא דִיא שְׁטֶערְן
פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד װִיא דֶער זַאמְד
װָאס אִיז בֵּייא דֶעם בָּארְטֶען פוּן יַם,
גָאר אָהְן אַ צָאל׃

13 דִיזֶע אַלֶע זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען אִים גְלויבֶּען, אוּנְד הָאבֶּען נִיט דֶערְהַאלְטֶען דִיא הַבְטָחוֹת, גייעֶרְט זַייא הָאבֶּען זַייא גֶעזֶעהֶען פוּן ווַייטֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעגְלויבְּט, אוּנְד בֶּעקֶענְט דָאס זַייא ווַארֶען פְרֶעמְדֶע אוּנְד גֶעסְט אויף דֶער עֶרְד:

14 וָוארִין דִיא וָואס רֶעדֶען אַזוי בֶּעווייזֶען דָאס זַייא זוּכֶען זַייעֶר אֵייגֶענֶעס לַאנְד:

15 אוּנְד וֶוען זַייא וָואלְטֶען גֶעדֶענְקְט אָן דֶעם לַאנְד פוּן וֶועלְכֶען זַייא זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אַזוי הָאבֶּען זַייא צַייט גֶעהַאט צוּרִיק צוּ קֶערֶען:

16 אָבֶּער יֶעצְט פֶערְלַאנְגֶען זַייא אֵיין בֶּעסֶערֶעס לַאנְד, דָאס אִיז אֵיין הִימְלִישֶׁעס, דָארוּם שֶׁעמְט זִיךְ נִיט גָאט מִיט זַייא, עֶר זָאל הֵייסֶען זַייעֶר גָאט, וָוארִין עֶר הָאט זַייא אָנְגֶעבְּרֵייט אַ שְׁטָאט:

17 דוּרְךְ דֶעם גְלויבֶּען הָאט אַבְרָהָם מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען זַיין זוּהְן יִצְחָק, וֶוען עֶר וַואר גֶעפְּרִיפְט, אוּנְד דֶער וָואס הָאט דֶערְהַאלְטֶען דִיא הַבְטָחוֹת הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען זַיין אֵיינְצִיגֶען זוּהְן:

18 וָואס עֶס וַואר אויף אִיהְם גֶעזָאגְט, אַז אִין יִצְחָק וֶועט דַיין זָאמֶען גֶערוּפֶען וֶוערֶען:

19 וָוארִין עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט דָאס גָאט קֶען (אִיהְם) אויךְ פוּן דֶעם טויט אויפְוֶועקֶען; דָארוּם אִיז עֶר צוּ אִיהְם אוּם גֶעקֶערְט גֶעוָוארֶען עֶר זָאל זַיין פַאר אַ מָשָׁל (גְלֵייכְנִיס):

20 דוּרְךְ דֶעם גְלויבֶּען הָאט יִצְחָק גֶעבֶּענְשְׁט יַעֲקֹב אוּנְד עֵשָׂו וֶועגֶען זַאכֶען וָואס וֶועלֶען עֶרְשְׁט שְׁפֶּעטֶער זַיין:

21 דוּרְךְ דֶעם גְלויבֶּען הָאט יַעֲקֹב גֶעבֶּענְשְׁט בֵּיידֶע זִיהְן פוּן יוֹסֵף פַאר זַיין טויט, אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען אָנְגֶעלֶעהְנְט אָן דֶער שְׁפִּיץ פוּן זַיין שְׁטֶעקֶען (אָדֶער בֶּעט):

22 דוּרְךְ דֶעם גְלויבֶּען הָאט יוֹסֵף גֶעדֶענְקְט פַאר זַיין טויט אָן דֶעם אויסְגַאנְג פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד הָאט בֶּעפוילֶען וֶועגֶען זַיינֶע בֵּיינֶער:

23 דוּרְךְ דֶעם גְלויבֶּען, וֶוען מֹשֶׁה אִיז גֶעבּוירֶען גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען אִיהְם זַיינֶע עֶלְטֶערֶען בֶּעהַאלְטֶען דְרֵייא חֳדָשִׁים, ווַייל זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז עֶר אִיז אַ גוּט קִינְד, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעפָארְכְטֶען פַאר דֶעם בֶּעפֶעל פוּן דֶעם קֶענִיג:

24 דוּרְךְ דֶעם גְלויבֶּען, הָאט מֹשֶׁה, וֶוען עֶר אִיז אויפְגֶעוַואקְסֶען נִיט גֶעוָואלְט גֶערוּפֶען וֶוערֶען דֶער זוּהְן פוּן פַּרְעֹה'ס טָאכְטֶער:

25 אוּנְד עֶר הָאט בֶּעסֶער אויסְדֶערְווֵיילְט צוּ לֵיידֶען מִיט דֶעם פָאלְק פוּן גָאט, אֵיידֶער צוּ גֶענִיסֶען אויף אַ צַייט דָאס פֶערְגֶענִיגֶען פוּן דֶער זִינְדֶע:

26 אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט דִיא חֶרְפָּה פוּן מָשִׁיחַ פַאר אַ גְרֶעסֶערֶען רֵייכְטְהוּם דֶען דִיא אוֹצְרוֹת פוּן מִצְרַיִם, וָוארִין עֶר הָאט גֶעקוּקְט אויף דֶעם שְׂכַר:

27 דוּרְךְ דֶעם גְלויבֶּען הָאט עֶר פַארְלָאסְט מִצְרַיִם, אוּנְד הָאט זִיךְ נִיט גֶעפָארְכְטֶען פַאר דֶעם צָארְן פוּן דֶעם קֶענִיג, וָוארִין עֶר הָאט אויס גֶעהַאלְטֶען אַלְס עֶר הֶעט דֶעם גֶעזֶעהֶען דֶער נִיט צוּ זֶעהֶען אִיז:

28 דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען הָאט עֶר גֶעה־
הַאלְטֶען פֶּסַח, אוּנְד גֶעשְׁפְּרֶענְקְט דָאס
בְּלוּט, כְּדֵי דֶער פֶערְדֶערְבֶּער פוּן דִיא
בְּכוֹרִים זָאל זֵייא נִיט אָנְרִירֶען:
29 דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען, זֶענֶען זֵייא
דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דָאס יַם סוּף אַזוֹי וִויא
אִיבֶּער טְרוּקֶענֶעם לַאנְד, וָואס דִיא
מִצְרַיִם הָאבֶּען גֶעפְּרִיפְט נָאכְצוּגֵיין
אוּנְד זֶענֶען דֶערְטְרוּנְקֶען גֶעוָוארֶען:
30 דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען זֶענֶען דִיא
מוֹיעֶרְן פוּן יְרִיחוֹ אֵיינְגֶעפַאלֶען, נָאךְ
דֶעם מֶען הָאט זֵייא אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט
זִיבֶּען טֶעג:
31 דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען, אִיז רָחָב הַזוֹנָה
נִיט אוּמְגֶעקוּמֶען מִיט דִיא אוּמְגְלֵייבִּיגֶע,
וַוייל זִיא הָאט דִיא מְרַגְלִים מִיט
פְרִידֶען אוֹיפְגֶענוּמֶען:
32 אוּנְד וָואס זָאל אִיךְ נָאךְ מֶעהְר
זָאגֶען? וָוארִין דִיא צֵייט וֶועט מִיר
פֶעלֶען צוּ דֶערְצֵיילֶען פוּן גִדְעוֹן, אוּנְד
בָּרָק, אוּנְד שִׁמְשׁוֹן, אוּנְד יִפְתָּח, אוּנְד
דָוִד, אוּנְד שְׁמוּאֵל, אוּנְד דִיא נְבִיאִים:
33 וָואס הָאבֶּען דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען
קֶענִיגְרֵייכֶע אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעטְהוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט,
אוּנְד הָאבֶּען דִיא הַבְטָחוֹת דֶערְהַאלְטֶען,
אוּנְד הָאבֶּען פֶערְשְׁטָאפְּט דִיא מֵיילֶער
פוּן לֵייבֶּען:
34 אוּנְד הָאבֶּען פֶערְלָאשֶׁען דִיא
מַאכְט פוּן פֵייעֶר, אוּנְד זֶענֶען עֶנְטְ־
רוּנֶען פוּן דֶער שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד,
אוּנְד זֶענֶען קְרֶעפְטִיג גֶעוָוארֶען פוּן
שְׁוַואכְהֵייטֶען, אוּנְד זֶענֶען שְׁטַארְק
גֶעוָוארֶען אִין דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד הָא־
בֶּען פֶערְיָאגְט דִיא פְרֶעמְדֶע חַיָלוֹת:
35 וֵוייבֶּער הָאבֶּען אִיהְרֶע טוֹיטֶע
צוּרִיק בֶּעקוּמֶען דוּרְךְ אַ תְּחִיַת הַמֵתִים,
אוּנְד אַנְדֶערֶע זֶענֶען גֶעפְּלָאגְט גֶעוָוארֶען
(מִיט יְסוּרִים) אוּנְד הָאבֶּען קֵיינֶע
בֶּעפְרֵייאוּנְג אָנְגֶענוּמֶען, כְּדֵי זֵייא
זָאלֶען דֶערְהַאלְטֶען אַ בֶּעסֶערֶע אוֹיפְ־
עֶרְשְׁטֶעהוּנְג:
36 אוּנְד אַנְדֶערֶע זֶענֶען גֶעפְּרִיפְט
גֶעוָוארֶען דוּרְךְ שְׁפָּאט, אוּנְד שְׁמֵייסֶען
מִיט רִיטֶער, יוֹא אַפִילוּ קֵייטֶען אוּנְד
גֶעפֶענְקֶענִים:
37 זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁטֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען,
זֵייא זֶענֶען דוּרְכְגֶעזֶעגְט גֶעוָוארֶען, זֵייא
זֶענֶען גֶעפְּרִיפְט גֶעוָוארֶען, זֵייא זֶענֶען
דֶערְשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד,
זֵייא הָאבֶּען אַרוּמְגֶעוַואנְדֶערְט אִין פֶעל
פוּן שָׁאף אוּנְד פוּן צִיגֶען, זֵייא זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען אִין דֶער נוֹיט אוּנְד אִין צָרוֹת,
אוּנְד שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט:
38 דִיא וֶועלְט אִיז בֵּייא זֵייא נִיט
וֶוערְט גֶעוֶועזֶען, זֵייא הָאבֶּען אַרוּם
גֶעבְּלָאנְדזֶעט אִין פוּסְטֶע עֶרְטֶער אוּנְד
אוֹיף בֶּערְג אוּנְד אִין הֵיילֶען, אוּנְד אִין
שְׁפַּאלְטֶען פוּן דֶער עֶרְד:
39 אוּנְד דִיא אַלֶע, חָאטְשֶׁע עֶס אִיז
בֶּעצֵייגְט גֶעוָוארֶען אוֹיף זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען,
הָאבֶּען נִיט דֶערְהַאלְטֶען דִיא הַבְטָחָה:
40 וֵוייל גָאט הָאט אַ בֶּעסֶערֶע זַאךְ
פַאר אוּנְס, דָאס זֵייא זָאלֶען נִיט אָהְן
אוּנְס פָאלְקָאמֶען וֶוערֶען:

קאפיטעל יב

1 דָארוּם וֵוייל מִיר הָאבֶּען אַזָא וָואלְ־
קֶען פוּן עֵדוּת אַרוּם אוּנְס, לָאמִיר אוֹיךְ
אָפְּלֵייגֶען אַלֶע שְׁוֶוערִיגְקֵייטֶען אוּנְד
דִיא זִינְד וָואס אִיז אַרוּם אוּנְס, אוּנְד
לָאמִיר לוֹיפֶען מִיט גֶעדוּלְד דֶעם לוֹיף
וָואס אִיז פַאר אוּנְס גֶעזֶעצְט:
2 אוּנְד אוֹיפְבְּלִיקֶען אוֹיף יֵשׁוּעַ, דֶער
אָנְהֵייבֶּער אוּנְד פָאלֶענְדֶער פוּן דֶעם

גְלױבֶּען, װָאס װֶעגֶען דֶער פְרֵײדֶע װָאס װַאר פַאר אִיהְם גֶעזֶעצְט, הָאט גֶעלִיטֶּען דָאס קְרֵײץ, אוּנְד הָאט פֶערְאַכְטֶעט דִיא שַׁאנְדֶע, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן דֶעם שְׁטוּל פוּן גָאט׃

3 װָארִין בֶּעטְרַאכְטֶעט דָאךְ, דֶעם װָאס הָאט גֶעלִיטֶּען אַ זָאלְכֶען װִידֶערְשְׁפְּרוּךְ קֶעגֶען זִיךְ פוּן זִינְדֶער, דָאס אִיהְר זָאלְט נִיט מִיד װֶערֶען אוּנְד נִיט שְׁװַאךְ זֵיין אִין אֵײעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען׃

4 אִיהְר הָאט נָאךְ נִיט װִידֶערְשְׁטַאנֶען קֶעגֶען דֶער זִינְדֶע, בִּיז צוּ דֶעם בְּלוּט׃

5 אוּנְד אִיהְר הָאט פֶערְגֶעסֶען דִיא װָארְנוּנְג װָאס רֶעט צוּ אֵײךְ װִיא צוּ קִינְדֶער, מֵיין זוּהְן, פֶערְאַכְט נִיט דִיא שְׁטְרָאף פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד פֶערְצָאג נִיט װֶען עֶר שְׁטְרָאפְט דִיךְ׃

6 װָארִין װֶעמֶען דֶער הַאר לִיבְּט דֶעם שְׁטְרָאפְט עֶר, אוּנְד עֶר צִיכְטִיגְט אִיטְלִיכֶען זוּהְן װָאס עֶר הָאט גֶערֶען׃

7 װֶען אִיהְר לֵײדֶעט דִיא שְׁטְרָאף, אַזױ הַאנְדֶעלְט גָאט מִיט אֵײךְ װִיא מִיט קִינְדֶער, װָארִין װָאס פַאר אַ זוּהְן אִיז דֶער װָאס זֵיין פָאטֶער שְׁטְרָאפְט אִיהְם נִיט?

8 װֶען אִיהְר זֶענְט אָהְן שְׁטְרָאף, אִין װָאס אַלֶע הָאבֶּען אַ טֵײל, אַזױ זֶענְט אִיהְר מַמְזֵרִים אוּנְד נִיט קִינְדֶער׃

9 מִיר הָאבֶּען אױךְ גֶעהַאט לֵײבְּלִיכֶע פֶעטֶער װָאס הָאבֶּען אוּנְס גֶעשְׁטְרָאפְט, אוּנְד מִיר הָאבֶּען זִיךְ פַאר זֵייא גֶעפָארְכְטֶען, זָאלֶען מִיר נִיט פִיל מֶעהְר אוּנְטֶערְטֶענִיג זֵיין צוּ דֶעם פָאטֶער פוּן דִיא גֵײסְטֶער, אוּנְד לֶעבֶּען׃

10 װָארִין זֵייא הָאבֶּען אוּנְס גֶעשְׁטְרָאפְט פַאר װֶעטְלִיכֶע טֶעג נָאךְ זֵייעֶר גֶעפֶעלֶען, אָבֶּער עֶר טְהוּט עֶס צוּ אוּנְזֶער גוּטֶען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען הָאבֶּען אַ טֵײל אִין זֵיינֶע הֵײלִיגְקֵייט׃

11 קֵיינֶע שְׁטְרָאף שֵׁיינְט פְרֵײלִיךְ צוּ זֵיין פַאר דִיא יֶעצְטִיגֶע צֵייט, נֵייעֶרְט טְרוֹירִיג, אָבֶּער דֶערְנָאךְ בְּרֶענְגְט זִיא דִיא פְרִידְלִיכֶע פְרוּכְט דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, צוּ דִיא װָאס זֶענֶען דְרִינֶען גֶעאִיבְּט׃

12 דָארוּם רִיכְטֶעט אוֹיף דִיא שְׁלַאפֶע הֶענְד, אוּנְד דִיא קְנִיאֶן װָאס שְׁטְרוֹיכְלֶען זִיךְ׃

13 אוּנְד מַאכְט גְלֵייךְ דִיא שְׁטֶעגֶען פוּן אֵײעֶרֶע פִיס, כְּדֵי דֶער הִינְקֶעדִיקֶער זָאל זִיךְ נִיט אָפְּקֶערֶען פוּן דֶעם װֶעג, נֵייעֶרְט עֶר זָאל בֶּעסֶער גֶעהֵײלִיגְט װֶערֶען׃

14 יָאגְט נָאךְ דֶעם פְרִידֶען מִיט אַלֶע מֶענְשֶׁען, אוּנְד הֵײלִיגְקֵייט, װָאס אָהְן זֵייא װֶעט קֵיינֶער דֶעם הַאר נִיט זֶעהֶען׃

15 גֶעבְּט אַכְטוּנְג דָאס קֵיינֶער זָאל נִיט צוּרִיקְבְּלֵייבֶּען פוּן דֶער גְנָאד פוּן גָאט, דָאס עֶס זָאל נִיט אַרוֹיסְשְׁפְּרָאצֶען אַ װָארְצֶעל פוּן בִּיטֶערְקֵייט אֵײךְ צוּ בֶּעטְרִיבֶּען, אוּנְד דָאדוּרְךְ װֶערֶען פִילֶע פֶערְאוּנְרֵיינִיגְט׃

16 דָאס עֶס זָאל נִיט זֵיין קֵיין הוּרֶען־טְרֵייבֶּער, אָדֶער אַ פֶערְשְׁװֶעכֶער (חָלָל), װִיא עֵשָׂו, װָאס הָאט פַאר אֵײנֶע שְׁפֵּייזֶע פֶערְקוֹיפְט זֵיינֶע בְּכוֹרָה׃

17 װָארִין אִיהְר װֵייסְט אַז עֶר הָאט דֶערְנָאךְ גֶעװָאלְט יַרְשְׁנֶ׳ן דִיא בְּרָכוֹת, אָבֶּער עֶר װַאר פֶערְװָארְפֶען, װָארִין עֶר הָאט נִיט גֶעפוּנֶען קֵיין אָרְט פַאר תְּשׁוּבָה, חָאטְשֶׁע עֶר הָאט זִיא גֶעזוּכְט מִיט טְרֶערֶען׃



ווארין

18 וָוארִין אִיהְר זֶענְט נִיט גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם בַּארְג וָואס קֶען אָנְגֶערִירְט װֶערֶען, אוּנְד וָואס בְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר, אוּנְד צוּ דִיא דוּנְקֶעלְהַייט, אוּנְד פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד שְׁטוּרְם:

19 אוּנְד נִיט צוּם קוֹל פוּן אַ שׁוֹפָר, אוּנְד צוּם קוֹל פוּן דִיא רֵייד, וָואס דִיא וָואס הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אַז דָאס וָוארְט זָאל נִיט מֶעהְר צוּ זֵייא גֶערֶעט װֶערֶען:

20 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעקֶענְט אוֹיסְהַאלְטֶען דָאס וָואס אִיז זֵייא גֶעבָּאטֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד אֲפִילוּ װֶען אַ בְּהֵמָה װֶעט דֶעם בַּארְג אָנְרִירֶען אַזוֹי זָאל זִיא פֶערְשְׁטֵיינִיגְט װֶערֶען, (אָדֶער זִיא זָאל מִיט אַ פֵייל גֶעשָׁאסֶען װֶערֶען):

21 אוּנְד דִיא עֶרְשֵׁיינוּנְג וַואר אַזוֹי שְׁרֶעקְלִיךְ, דָאס מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ שְׁטַארְק מוֹרָא אוּנְד בִּין זֶעהְר דֶערשְׁרָאקֶען:

22 גַייעֶרְט אִיהְר זֶענְט גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם בַּארְג צִיוֹן, אוּנְד צוּ דֶער שְׁטָאט פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט, אוּנְד צוּ יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד צוּ צֶעהְן־טוֹיזֶענְדֶע פוּן מַלְאָכִים:

23 צוּ דֶער אַלְגֶעמֵיינֶע פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד צוּ דִיא גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא עֶרְשְׁט־גֶעבּוֹירֶענֶע, וָואס זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִים הִימֶעל, אוּנְד צוּ גָאט דֶעם רִיכְטֶער פוּן אַלֶע, אוּנְד צוּ דִיא גֵייסְטֶער פוּן דִיא צַדִיקִים, וָואס זֶענֶען פָאלְקָאמֶען גֶעמַאכְט:

24 אוּנְד צוּ יֵשׁוּעַ דֶעם פַארְמִיטְלֶער פוּן דֶעם נַייעֶם בְּרִית, אוּנְד צוּ דֶעם בְּלוּט, פוּן שְׁפְּרֶענְקְלוּנְג, וָואס רֶעט בֶּעסֶער דֶען דָאס פוּן הֶבֶל:

25 זֶעהְט צוּ, אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְוַוארְפֶען דֶעם וָואס טְהוּט רֶעדֶען, וָוארִין װֶען דִיא וָואס הָאבֶּען פַארְוָוארְפֶען דֶעם וָואס הָאט גֶערֶעט אוֹיף דֶער עֶרְד זֶענֶען נִיט עֶנְטְרוּנֶען, וִויא פִיל מֶעהְר װֶעלֶען מִיר נִיט עֶנְטְרִינֶען, װֶען מִיר װֶעלֶען זִיךְ אָפְּקֶערֶען פוּן דֶעם וָואס רֶעט פוּן דֶעם הִימֶעל:

26 וָואס זֵיין קוֹל הָאט אַמָאל דִיא עֶרְד בֶּעוֶועגְט, אָבֶּער יֶעצְט הָאט עֶר פֶערשְׁפְּרָאכֶען, אוּנְד גֶעזָאגְט, נָאךְ אַ מָאל װֶעל אִיךְ בֶּעוֶועגֶען, נִיט דִיא עֶרְד אַלֵיין, נֵייעֶרְט אוֹיךְ דֶעם הִימֶעל:

27 אוּנְד דָאס וָוארְט, נָאךְ אַמָאל, בֶּעצֵייגְט, אַז דִיא זַאכֶען וָואס װֶערֶען בֶּעוֶועגְט װֶעלֶען אַוֶועק גֶעזֶעצְט װֶערֶען, וִויא דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען גֶעמַאכְט, כְּדֵי דִיא זַאכֶען וָואס װֶערֶען נִיט בֶּעוֶועגְט זָאלֶען בְּלֵייבֶּען:

28 דָארוּם וֵוייל מִיר דֶערְהַאלְטֶען אַ קֶענִיגְרֵייךְ וָואס װֶערְט נִיט בֶּעוֶועגְט, לָאמִיר הָאבֶּען דַאנְקְבַּארְקֵייט מִיר זָאלֶען דֶערְבֵּייא גָאט וְואוֹילְגֶעפֶעלִיג דִינֶען, מִיט עֶרְלִיכְקֵייט אוּנְד גָאטֶס פוּרְכְט:

29 וָוארִין אוּנְזֶער גָאט אִיז אֵיין פֶערְבְּרֶענֶענְדֶעס פֵייעֶר:

קאפיטעל יג

1 לָאז בְּרִידֶערְלִיכֶע לִיבְּשַׁאפְט בְּלֵייבֶּען:

2 פֶערְגֶעסְט נִיט צוּ בֶּעוֵוייזֶען לִיבֶּע צוּ פְרֶעמְדֶע, (מַכְנִיס אוֹרְחִים צוּ זֵיין), וָוארִין דָאדוּרְךְ הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע, אָהְן צוּ וִויסֶען, מַלְאָכִים אוֹיפְגֶענוּמֶען:

3 גֶעדֶענְקְט אָן דִיא וָואס זֶענֶען גֶעפַאנְגֶען, גְלֵייךְ וִויא אִיהְר זֶענְט מִיט זֵייא גֶעפַאנְגֶען, אוּנְד דִיא וָואס װֶערֶען שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט גְלֵייךְ וִויא אִיהְר אַלֵיין זֶענְט אוֹיךְ אִין דֶעם לֵייבּ:

4 צוּ הֵייראַטֶען אִיז אַ כָּבוֹד אוּנְטֶער אַלֶע, אוּנְד דָאס בֶּעט אִיז נִיט בֶּעפְלֶעקְט, אָבֶער הוּרֶען־טְרַייבֶּערְס אוּנְד עֶהֶע־בְּרֶעכֶער (נוֹאֲפִים) וֶועט גָאט מִשְׁפָּט'ן:

5 זַייט פְּרֵייא פוּן דֶער גֶעלְד־לִיבֶּע, זַייט צוּפְרִידֶען מִיט דֶעם וָואס אִיהְר הָאט, וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט שְׁלַאף מַאבֶען אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען:

6 דָארוּם מֶעגֶען מִיר זִיכֶער זָאגֶען דֶער הַאר אִיז מֵיין הֶעלְפֶער, אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט פָארְכְטֶען, וָואס קֶען מִיר אַ מֶענְשׁ טְהוּן?

7 גֶעדֶענְקְט אַן אֵיירֶע פִירֶער, דִיא וָואס הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶערֶעט דָאס וָוארְט פוּן גָאט, אוּנְד בֶּעטְרַאכְטֶעט דֶעם אוֹיסְגַאנְג פוּן זֵייעֶר לֶעבֶּענְס־וַואנְדֶעל, אוּנְד פָאלְגְט נָאךְ זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען:

8 יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז דֶער זֶעלְבִּיגֶער נֶעכְטֶען אוּנְד הֵיינְט, אוּנְד אוֹיף אֵייבִּיג:

9 וֶוערְט נִיט אַהִין אוּנְד אַהֶער אַרוּם גֶעטְרִיבֶּען מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע אוּנְד פְרֶעמְדֶע לֶעהְרֶען, וָוארִין עֶס אִיז גוּט אַז דָאס הַארְץ זָאל בֶּעפֶעסְטִיגְט זַיין מִיט גְנָאד, נִיט דוּרְךְ שְׁפֵּייז וָואס נוּצְט נִיט צוּ דִיא וָואס גֶעבֶּען זִיךְ דַאמִיט אָפּ:

10 מִיר הָאבֶּען אַ מִזְבֵּחַ, פוּן דֶעם דִיא וָואס דִינֶען אִין דֶעם מִשְׁכָּן הָאבֶּען נִיט קֵיין רֶעכְט דֶערְפוּן צוּ עֶסֶען:

11 וָוארִין דִיא לֵייבֶּער פוּן יֶענֶע בְּהֵמוֹת, וָואס דֶער כֹּהֵן גָּדוֹל הָאט אַרֵיין גֶעבְּרַאכְט זֵייעֶר בְּלוּט אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט (אַלְס אַ קָרְבָּן) פַאר דִיא זִינְד, אִיז פֶערְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען מִחוּץ לַמַּחֲנֶה:

12 דָארוּם הָאט יֵשׁוּעַ אוֹיךְ גֶעלִיטֶען אוֹיסֶערְוֶועניִג פוּן דֶער מוֹיעֶר, דָאס עֶר זָאל הֵיילִיגֶען דָאס פָאלְק מִיט זֵיין אֵייגֶען בְּלוּט:

13 דָארוּם לָאמִיר אַרוֹיס גֵיין צוּ אִיהְם אוֹיסֶער דֶעם לַאגֶער (מִחוּץ לַמַּחֲנֶה), אוּנְד טְרָאגֶען זֵיינֶע שַׁאנְד:

14 וָוארִין מִיר הָאבֶּען נִיט דָא קֵיינֶע שְׁטָאט וָואס בְּלֵייבְּט, נֵייעֶרְט מִיר זוּכֶען (דִיא שְׁטָאט) וָואס וֶועט זַיין:

15 דָארוּם לָאמִיר דוּרְךְ אִיהְם שְׁטֶענְדִיג מַקְרִיב זַיין אַ קָרְבָּן פוּן לוֹיבּ צוּ גָאט, דָאס אִיז דִיא פְּרוּכְט פוּן אוּנְזֶערֶע לִיפֶּען, וָואס בֶּעקֶענֶען זֵיין נָאמֶען:

16 אָבֶער פֶערְגֶעסְט נִיט צוּ טְהוּן גוּטֶעס, אוּנְד גֶעבֶּען צוּ דִיא אָרֶעמֶע וָוארִין זָאלְכֶע קָרְבָּנוֹת אִיז גָאט גֶעפֶעלֶען:

17 הֶערְט צוּ אֵיירֶע לֶעהְרֶער אוּנְד זַייט זֵייא אוּנְטֶערְטֶענִיג, וָוארִין זֵייא וַואכֶען פַאר אֵיירֶע זֶעלֶען, וִויא דִיא וָואס וֶועלֶען רֶעכְנוּנְג אָפְּגֶעבֶּען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען עֶס טְהוּן מִיט פְרֵיידֶע אוּנְד נִיט מִיט זִייפְצֶען, וָוארִין דָאס נוּצְט אֵייךְ נִיט:

18 בֶּעטֶעט פַאר אוּנְס, וָוארִין מִיר זֶענֶען פֶערְזִיכֶערְט דָאס מִיר הָאבֶּען אַ גוּטֶעס גֶעוִויסֶען, אוּנְד מִיר הָאבֶּען אֵיין פֶערְלַאנְגֶען אִין אַלֶע זַאכֶען עֶרְלִיךְ צוּ לֶעבֶּען:

19 אוּנְד אִיךְ בֶּעט אֵייךְ נָאךְ מֶעהְר אַז אִיהְר זָאלְט דָאס טְהוּן, כְּדֵי אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ גֶעשְׁוִוינְדֶער צוּרִיק קוּמֶען:

20 אוּנְד דֶער גָאט פוּן פְרִידֶען וָואס הָאט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם טוֹיט אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ, דֶעם גְרוֹיסֶען פַּאסְטוּךְ פוּן דִיא שָׁאף, דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם אֵייבִּיגֶען בְּרִית:

21 עֶר װֶעט אֵייךְ פָאלְקָאמֶען מַאכֶען
אִין אִיטְלִיכֶען גוּטֶען װֶערְק, אַז אִיהְר
זָאלְט טְהוּן זַיין װִילֶען, אוּנְד װֶעט אִין
אֵייךְ טְהוּן װָאס עֶס אִיז פַאר אִיהְם
װָאויל גֶעפֶעלִיג דוּרךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ;
צוּ אִיהְם אִיז דִיא הֶערְלִיכְקֵייט (כָּבוֹד)
פוּן אֵייבִּיגְקֵייט צוּ אֵייבִּיגְקֵייט, אָמֵן:
22 אוּנְד אִיךְ בֶּעט אֵייךְ בְּרִידֶער דֶערְ־
טְרָאגְט דָאס װָארט פוּן װָארנוּנְג, װָארִין
אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען אַ בְּרִיף
אִין קוּרְצֶען:
23 אִיהְר זָאלְט װִיסֶען דָאס אוּנְזֶער
בְּרוּדֶער טִימוֹטֶעוּס אִיז פְרֵייא גֶעװָארֶען,
מִיט װֶעלְכֶען, װֶען עֶר װֶעט בַּאלְד
קוּמֶען, װֶעל אִיךְ אֵייךְ זֶעהֶען:
24 גְרִיסְט אַלֶע אֵייעֶרֶע פִירֶער, אוּנְד
אַלֶע הֵיילִיגֶע, דִיא לֵייט פוּן אִיטַלְיֶען
גְרִיסֶען אֵייךְ:
25 גְנָאד זֵייא מִיט אֵייךְ אַלֶע! אָמֵן:

(געשריבען אין איטאליען דורך טימותיוס).

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) יַעֲקֹב

1 יַעֲקֹב, אַיין קְנֶעכְט פוּן גָאט אוּנְד
פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, צוּ
דִיא צְװֶעלְף שְׁבָטִים װָאס זֶענֶען צוּ
שְׁפְּרֵייט:
2 מֵיינֶע בְּרִידֶער, הַאלְט עֶס פַאר
אֵיינֶע גְרוֹיסֶע פְרֵייד װֶען אִיהְר פַאלְט
אַרֵיין אִין פַארְשִׁידֶענֶע פְּרִיפוּנְגֶען:
3 װָארִין אִיהְר װֵייסְט אַז דִיא פְּרוּף
פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען װִירְקְט גֶעדוּלְד:
4 אוּנְד לָאז דִיא גֶעדוּלְד הָאבֶּען אִיהְר
גַאנְצֶעס װֶערְק, אַז אִיהְר זָאלְט זֵיין
גַאנְץ אוּנְד אָהְן אֵיין פֶעהְלֶער אוּנְד
זָאלְט גָאר נִיט בֶּעדַארְפֶען:
5 װֶען אֵיינֶער פוּן אֵייךְ בֶּעדַארְף
קְלוּגְהֵייט, לָאז עֶר עֶס בֶּעטֶען פוּן
גָאט װָאס גִיבְּט רֵייכְלִיךְ צוּ אַלֶע, אוּנְד
װָאס מַאכְט נִיט צוּשַׁאנְד, אוּנְד עֶס
װֶעט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען:
6 אָבֶּער לָאז עֶר בֶּעטֶען מִיט גְלוֹיבֶּען
אוּנְד לָאז עֶר גָאר נִיט צְװֵייפְלֶען;
װָארִין דֶער װָאס צְװֵייפֶעלְט אִיז גְלֵייךְ
צוּ דִיא אִינְדֶען פוּן דֶעם יַם װָאס װֶערֶען
אַרוּם גֶעטְרִיבֶּען פוּן דֶעם װִינְד אוּנְד
בֶּעװֶעגֶען זִיךְ:
7 אוּנְד לָאז דִיזֶער מַאן נִיט דֶענְקֶען
אַז עֶר װֶעט עֶפֶּעס אַנְטְפַאנְגֶען פוּן
דֶעם הַאר:
8 אֵיין מַאן װָאס הָאט אֵיין צוּטֵיילְט
הַארְץ אִיז אוּמְבֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין אַלֶע
זֵיינֶע װֶעגֶען:
9 לָאז זִיךְ דֶער נִידְרִיגֶער בְּרוּדֶער
פְרֵייעֶן װֶען עֶר אִיז דֶערְהֵייכְט:
10 אָבֶּער דֶער רֵייכֶער װֶען עֶר אִיז
דֶערְנִידְרִיגְט, װָארִין עֶר װֶעט פַארְגֵיין
װִיא אַ בְּלוּם פוּן דֶעם גְרָאז:
11 װָארִין דִיא זוּן גֵייט אוֹיף מִיט
אִיהְר הִיץ, אוּנְד פַארְװֶעלְקְט דָאס גְרָאז,
אוּנְד דִיא בְּלוּם דֶערְפוּן פַאלְט אַװֶעק,

אוּנְד דִיא שֵׁיינֶע גֶעשְׁטַאלְט דֶערפוּן
וֶוערְט פֶערְלוּירֶען, אַזוֹי וֶועט אוֹיךְ דֶער
רֵייכֶער פַארוֶועלְקְט וֶוערֶען אִין זֵיינֶע
וֶועגֶען :
12 וְואוֹיל דֶעם מַאן וָואס בֶּעשְׁטֵייט
אִין פְּרִיפוּנְג, וָוארִין וֶוען עֶר וֶוערְט גֶע־
פְּרוּפְט, אַזוֹי וֶועט עֶר אֶנְטפַאנְגֶען אַ
קְרוֹין פוּן לֶעבֶּען, וָואס דֶער הַאר הָאט
צוּגֶעזָאגְט צוּ דִיא וָואס לִיבֶּען אִיהְם :
13 וֶוען אֵיינֶער אִיז גֶעפְּרוּפְט לָאז עֶר
נִיט זָאגֶען אִיךְ בִּין גֶעפְּרוּפְט פוּן גָאט,
וָוארִין גָאט קֶען נִיט גֶעפְּרוּפְט וֶוערֶען
מִיט בֵּייזֶען, אוּנְד עֶר פְּרוּפְט אוֹיךְ
קֵיינֶעם נִיט :
14 אָבֶּער אִיטְלִיכֶער אִיז גֶעפְּרִיפְט
וֶוען עֶר וֶוערְט אַוֶועק גֶעצוֹיגֶען אוּנְד
גֶעפַאנְגֶען בֵּייא זֵיינֶע אֵייגֶענֶע גְלוּסְ־
טִיגְקֵייטֶען :
15 דֶענְסְטְמָאל וֶוען דִיא גְלוּסְטִיגְקֵייט
הָאט אַנְטפַאנְגֶען אַזוֹי גֶעוִוינְט זִיא דִיא
זִינְד, אוּנְד דִיא זִינְד וֶוען זִיא אִיז גֶע־
עֶנְדִיגְט גֶעוִוינְט דֶעם טוֹיט :
16 זֵייט נִיט פַארְפִירְט, מֵיינֶע גֶע־
לִיבְּטֶע בְּרִידֶער :
17 אִיטְלִיכֶע גוּטֶע גָאבּ אוּנְד אִיטְלִיכֶע
גַאנְצֶע מַתָּנָה אִיז פוּן אוֹיבֶּען, אוּנְד
קוּמְט אַרוּפּ פוּן דֶעם פָאטֶער פוּן לִיכְט,
בֵּייא וֶועמֶען עֶס אִיז נִיט פַארְהַאנְדֶען
קֵיינֶע פַארֶענְדֶערוּנְג, אוּנְד נִיט קֵיין
שָׁאטֶען פוּן פַארוֶועקְסלוּנְג :
18 עֶר הָאט אוּנְס גֶעוִוינֶען פוּן זֵיין
אֵייגֶענֶעם ווִילֶען, דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן
וָואהְרְהֵייט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען זֵיין דִיא
עֶרְשְׁטֶע פְּרוּכְט פוּן זֵיינֶע בֶּעשֶׁעפֶּע־
נִיסֶען :
19 דָארוּם מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע בְּרִידֶער,
לָאז אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ גֶעשְׁוִוינְד זֵיין צוּ
הֶערֶען, אוּנְד פַּאמֶעלֶעךְ צוּם רֶעדֶען,
אוּנְד שְׁוֶוער צוּם דֶערְצֶערְנֶען :
20 וָוארִין דֶער צָארְן פוּן אֵיין מֶענְשׁ
ווִירְקְט נִיט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן
גָאט :
21 דְרוּם טְהוּט אָפּ אַלֶע אוּמְרֵיינִיגְ־
קֵייט אוּנְד אִיבְּרִיגֶע בּוֹיזְהֵייט, אוּנְד
אַנְטפַאנְגְט מִיט אֵיין נִידְרִיג גֶעמִיט
דָאס אֵיינְגֶעפְלַאנְצְטֶע וָוארְט וָואס קֶען
אֵיירֶע נְשָׁמוֹת זֶעלִיג מַאכֶען :
22 אוּנְד טְהוּט דָאס וָוארְט, אוּנְד
זֵייט נִיט בְּלוֹיס הֶערֶערְס דֶערְפוּן אַז
אִיהְר זָאלְט אֵייךְ זֶעלְבְּסְט פַארְפִיהְ־
רֶען :
23 וָוארִין וֶוען אֵיינֶער אִיז אֵיין
הֶערֶער פוּן דֶעם וָוארְט אוּנְד טְהוּט
עֶס נִיט, אַזוֹי אִיז עֶר גְלֵייךְ צוּ אַ מַאן
וָואס זֶעהְט זֵיין נַאטִירְלִיךְ פָּנִים אִין
אֵיין שְׁפִּיגֶעל :
24 וָוארִין עֶר זֶעהְט זִיךְ אָן אוּנְד גֵייט
אַוֶועק, אוּנְד עֶר פַארְגֶעסְט בַּאלְד וָואס
פַאר אֵיין מַאן עֶר וַואר :
25 אָבֶּער דֶער וָואס קוּקְט אַרֵיין אִין
דֶעם גֶעזֶעץ פוּן פְרֵייהֵייט אוּנְד בְּלֵייבְּט
דֶערְבֵּייא, דֶער אִיז נִיט אֵיין הֶערֶער
וָואס פַארְגֶעסְט, נֵייעֶרְט וָואס טְהוּט
דָאס וֶוערְק, אוּנְד דִיזֶער אִיז גֶעבֶּענְשְׁט
אִין זֵיין טְהוּן :
26 וֶוען אֵיינֶער שֵׁיינְט גָאטֶעס פוּרְכְ־
טִיג צוּ זֵיין צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד עֶר
הַאלְט נִיט זֵיינֶע צוּנְג אִין דֶעם צוֹים,
נֵייעֶרְט עֶר פַארְפִיהְרְט זֵיין הַארְץ,
אַזוֹי אִיז זֵיינֶע גָאטֶעס־פוּרְכְטִיגְקֵייט
אוּמְזוּנְסְט :
27 רֵיינֶע גָאטֶעס פוּרְכְטִיגְקֵייט אוּנְד
וָואס אִיז אוּמְבֶּעפְלֶעקְט פַאר גָאט
אוּנְד דֶעם פָאטֶער אִיז דָאס, צוּ

בֶּעזוּכֶען דִיא יְתוֹמִים אוּנְד דִיא אַלְמָנוֹת אִין זֵייעֶרֶע לֵיידֶען, אוּנְד זִיךְ צוּ הַאלְטֶען אוּמְבֶּעפְלֶעקְט פוּן דֶער וֶועלְט :

קאפּיטעל ב

1 מֵיינֶע בְּרִידֶער, הַאלְט נִיט דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְזֶער הַאר פוּן הֶערְלִיכְקֵייט מִיט נְשִׂיאוּת פָּנִים :

2 וָוארִין וֶוען עֶס וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען אִין אֵייעֶרֶע פֶערְזַאמְלוּנְג אֵיין מַאן מִיט אֵיין גָאלְדֶענֶעם רִינְג, אוּנְד אִין שֵׁיינֶענְדִיגֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶס וֶועט אוֹיךְ אַרֵיינְקוּמֶען אֵיין אָרֶעמֶער אִין שְׁמוּצִיגֶע קְלֵיידֶער ?

3 אוּנְד אִיהְר וֶועט נוֹשֵׂא פָּנִים זֵיין דֶעם וָואס גֵייט אִין שֵׁיינֶענְדֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד וֶועט צוּ אִיהְם זָאגֶען, דוּא זָאלְסְט דִיךְ דָא זֶעצֶען אוֹיף אֵיין גוּטֶען אָרְט ; אוּנְד אִיהְר וֶועט זָאגֶען צוּ דֶעם אָרֶעמֶען, דוּא בְּלֵייבּ דָארְטֶען שְׁטֵיין, אָדֶער זִיךְ הִיעֶר אוּנְטֶער מֵיינֶע פוּסְבַּאנְק :

4 זֶענְט אִיהְר דֶען נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים צְווִישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד זֶענְט אִיהְר נִיט גֶעוָוארֶען רִיכְטֶערְס פוּן בֵּייזֶע גֶעדַאנְקֶען ?

5 הֶערְט צוּ, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע בְּרִידֶער, הָאט נִיט גָאט אוֹיסְדֶערְוֶוועהְלְט דִיא אָרֶעמֶע לֵייט פוּן דִיזֶער וֶועלְט, וָואס זֶענֶען רֵייךְ אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען אוּנְד יוֹרְשִׁים פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ וָואס עֶר הָאט פֶערשְׁפְּרָאכֶען צוּ דִיא וָואס לִיבֶּען אִיהְם ?

6 אָבֶּער אִיהְר הָאט פַארשֶׁעמְט דִיא אָרֶעמֶע לֵייט ; טְהוּן נִיט דִיא רֵייכֶע גֶעוָועלְטִיגֶען אִיבֶּער אֵייךְ, אוּנְד שְׁלֶעפֶּען זֵייא אֵייךְ נִיט צוּ דֶעם גֶערִיכְט ?

7 טְהוּן זֵייא נִיט לֶעסְטֶערֶען דֶעם גוּטֶען נָאמֶען בַּייא וֶועלְכֶען אִיהְר וֶוערְט גֶערוּפֶען ?

8 וֶוען אִיהְר דֶערְפִילְט דָאס קֶענִיגְלִיכֶע גֶעזֶעץ נָאךְ דֶער שְׁרִיפְט, דוּא זָאלְסְט דֵיין גֶעזֶעלֶען לִיבֶּען וִויא דִיךְ זֶעלְבְּסְט, אַזוֹי טְהוּט אִיהְר רֶעכְט :

9 אָבֶּער וֶוען אִיהְר זֶענְט נוֹשֵׂא פָּנִים, אַזוֹי טְהוּט אִיהְר זִינְדִיגֶען, אוּנְד וֶוערְט גֶעשְׁטְרָאפְט פוּן דֶעם גֶעזֶעץ וִויא זִינְדֶערְס :

10 וָוארִין דֶער וָואס וֶועט הַאלְטֶען דָאס גַאנְצֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד וֶועט פֶעהְלֶען אִין אֵיין זַאךְ, אַזוֹי הָאט עֶר פַארְשׁוּלְדִיגְט אִין דֶעם גַאנְצֶען :

11 וָוארִין דֶער וָואס זָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט מָארְדֶען, אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט אוּמְקֵיישֶׁען אָבֶּער וֶועסְט מָארְדֶען, אַזוֹי הָאסְט דוּא עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען דָאס גֶעזֶעץ :

12 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר רֶעדֶען אוּנְד אַזוֹי זָאלְט אִיהְר טְהוּן, וִויא דִיא וָואס וֶועלֶען גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ פוּן פְרֵייהֵייט :

13 וָוארִין דֶער וָואס טְהוּט נִיט קֵיין גְנָאד וֶועט הָאבֶּען מִשְׁפָּט אָהְן גְנָאד, אוּנְד דִיא גְנָאד רִיהְמְט זִיךְ קֶעגֶען דֶעם מִשְׁפָּט :

14 וָואס נִיצְט עֶס, מֵיינֶע בְּרִידֶער, וֶוען אֵיינֶער זָאגְט עֶר הָאט גְלוֹיבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט נִיט קֵיינֶע וֶוערְקֶע ? קֶען אִיהְם דֶען דֶער גְלוֹיבֶּען זֶעלִיג מַאכֶען ?

15 אוּנְד וֶוען אֵיין בְּרוּדֶער אָדֶער אֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער אִיז נַאקֶעט, אוּנְד בֶּעדַארְף דָאס טֶעגְלִיכֶע בְּרוֹיט :

16 אוּנְד אֵיינֶער פוּן אֵייךְ וֶועט צוּ

זייא זָאגֶען, גייט אַהין אין פְרידֶען,
וואַרֶעמְט אייך אָן אוּנְד זֶעטִיגְט אייך,
אוּנְד אִיהְר וֶועט זייא דָאךְ נִיט גֶעבֶּען
וָואס זייא בֶּעדַארְפֶען פַאר דֶעם לֵייבּ,
וָואס נִיצְט דָאס:
17 אַזוֹי אויךְ דֶער גְלוֹיבֶּען אִיז טוֹיט
בֵּייא זִיךְ זֶעלְבְּסְט וֶוען עֶר הָאט נִיט
קֵיינֶע וֶוערְקֶע:
18 וָוארִין אֵיינֶער וֶועט זָאגֶען, דוּא
הָאסְט גְלוֹיבֶּען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ וֶוערְקֶע;
ווייז מִיר דֵיין גְלוֹיבֶּען אָהְן דֵיינֶע
וֶוערְקֶע אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר ווייזֶען מֵיין
גְלַויבֶּען דוּרְךְ מֵיינֶע וֶוערְקֶע:
19 דוּא גְלוֹיבְּסְט אַז עֶס אִיז אֵיין
גָאט, אוּנְד דוּא טְהוּסְט רֶעכְט; דִיא
שֵׁדִים גְלֵייבֶּען אויךְ אוּנְד צִיטֶערְן:
20 אוּנְד ווילְסְט דוּא וויסֶען, אוי
אֵייטְלֶער מֶענְשׁ, אַז דֶער גְלוֹיבֶּען אָהְנֶע
וֶוערְקֶע אִיז טוֹיט?
21 אִיז נִיט אוּנְזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם
גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ וֶוערְ-
קֶען, וֶוען עֶר הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען
זֵיין זוּהְן יִצְחָק אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ?
22 זֶעהְסְט דוּא אַז דֶער גְלוֹיבֶּען הָאט
גֶעווירְקְט מִיט זֵיינֶע וֶוערְקֶען, אוּנְד
דוּרְךְ דִיא וֶוערְקֶען אִיז דֶער גְלוֹיבֶּען
גַאנְץ גֶעוָוארֶען:
23 אוּנְד דִיא שְׁרִיפְט אִיז דֶערְפִילְט
גֶעוָוארֶען, וָואס זָאגְט, אוּנְד אַבְרָהָם
הָאט גֶעגְלֵייבְּט אָן גָאט אוּנְד עֶס ווַאר
צוּ אִיהְם גֶערֶעכֶענְט פַאר גֶערֶעכְטִיג-
קֵייט, אוּנְד עֶר ווַאר גֶערוּפֶען דֶער
פְרֵיינְד פוּן גָאט:
24 דָארוּם זֶעהְט אִיהְר אַז אֵיין מֶענְשׁ
וֶוערְט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט דוּרְךְ וֶוערְקֶען,
אוּנְד נִיט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אַלֵיין:
25 אוּנְד וויא דֶען רָחָב הַזּוֹנָה אויךְ
נִיט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט דוּרְךְ וֶוערְקֶען,
וֶוען זִיא הָאט אַנְטְפַאנְגֶען דִיא מְרַגְּלִים,
אוּנְד הָאט זֵייא אַרוֹיס גֶעשִׁיקְט אִין אֵיין
אַנְדֶערְן וֶועג:
26 וָוארִין אַזוֹי וויא דֶער לֵייבּ אָהְן
דֶעם גֵייסְט אִיז טוֹיט, אַזוֹי אִיז אויךְ
דֶער גְלוֹיבֶּען טוֹיט אָהְנֶע מַעֲשִׂים:

## קאפיטעל ג

1 מֵיינֶע בְּרִידֶער, זֵייט נִיט פִילֶע
לֶעהְרֶערס, וויא אִיהְר ווייסְט אַז מִיר
וֶועלֶען אַנְטְפַאנְגֶען אֵיין גְרֶעסֶער מִשְׁפָּט:
2 וָוארִין אִין פִילֶע זַאכֶען פֶעהְלֶען
מִיר אַלֶע. וֶוען אֵיינֶער פֶעהְלְט נִיט
אִין זֵיינֶע רֵייד, אַזוֹי אִיז עֶר אֵיין
אִישׁ תָּמִים, אוּנְד קֶען זֵיין גַאנְצֶען
לֵייבּ אִין דֶעם צוֹים הַאלְטֶען:
3 זֶעהְט, מִיר טְהוּן אַרֵיינְלֵייגֶען צוֹיי-
מֶען אִין דִיא מֵיילֶער פוּן דִיא פֶערְד,
כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אוּנְס גֶעהָארְכֶען, אוּנְד
מִיר פִיהְרֶען זֵייעֶר לֵייבּ:
4 אוּנְד זֶעהְט וויא גְרוֹיס דִיא שִׁיפֶען
זֶענֶען, אוּנְד וויא זֵייא וֶוערֶען אַרוּמְגֶע-
טְרִיבֶּען פוּן שְׁטַארְקֶע ווינְדֶען, אוּנְד
זֵייא וֶוערֶען דָאךְ גֶעפִיהְרְט מִיט אֵיין
קְלֵיינֶעם רוּדֶער וויא אַהִין דֶער
פִיהְרֶער וויל:
5 אַזוֹי אויךְ דִיא צוּנְג אִיז אֵיין קְלֵיין
גְלִיד, אָבֶּער זִיא דֶערְהֵייבְט זִיךְ; זֶעהְט
וויא אֵיין קְלֵיין פֵייעֶר צִינְדֶעט אָן אֵיין
גְרוֹיסֶען וַואלְד:
6 אוּנְד דִיא צוּנְג אִיז אֵיין פֵייעֶר,
אֵיינֶע וֶועלְט פוּן אוּמְרֶעכְט; אַזוֹי אִיז
דִיא צוּנְג צְווִישֶׁען אוּנְזֶערֶע גְלִידֶער,
עֶס בֶּעפְלֶעקְט דֶעם גַאנְצֶען לֵייבּ,
אוּנְד צִינְדֶעט אָן דָאס רָאד פוּן אוּנְזֶער
נַאטוּר, אוּנְד זִיא וֶוערְט אָנְגֶעצִינְדֶען
פוּן גֵיהִנָּם:

7 וָוארִין אִיטְלִיכֶעס מִין פוּן בְּהֵמוֹת
אוּנְד פוּן עוֹפוֹת, אוּנְד פוּן שְׁלַאנְגֶען
אוּנְד פוּן דֶעם וָואס אִיז אִין דֶעם יַם
ווערְט גֶעצוֹימְט, אוּנְד אִיז גֶעצוֹימְט
גֶעווָארֶען בַּייא דֶער מֶענְשְׁלִיכֶער
נַאטוּר:
8 אָבֶער דִיא צוּנְג קֶען קֵיין מֶענְשׁ
נִיט צוֹימֶען; זִיא אִיז אֵיין אוּמְרוּהִיגֶעס
בֵּייז, פוּל מִיט גִיפְט פוּן דֶעם טוֹיט:
9 מִיט אִיהְר בֶּענְשֶׁען מִיר גָאט דֶעם
פָאטֶער, אוּנְד מִיט אִיהְר שֶׁעלְטֶען מִיר
דִיא מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען אִין דֶער
גֶעשְׁטַאלְט פוּן גָאט:
10 פוּן דֶעם זֶעלְבִּיגֶען מוֹיל קוּמְט
אַרוֹיס אַ בְּרָכָה אוּנְד אַ קְלָלָה; מֵיינֶע
בְּרִידֶער, דִיזֶע זַאכֶען קֶערֶען נִיט אַזוֹי
צוּ זֵיין:
11 טְהוּט דֶען אֵיין בְּרוּנֶען אַרוֹיס־
בְּרֶענְגֶען פוּן דֶער זֶעלְבִּיגֶער קְוועלֶע
זִיס אוּנְד בִּיטֶער וַואסֶער:
12 מֵיינֶע בְּרִידֶער, קֶען אֵיין פֵייגֶענ־
בּוֹים אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען וֵויינְטְרוֹיבֶּען?
אָדֶער קֶען אֵיין וֵויינ־שְׁטָאק אַרוֹיס־
בְּרֶענְגֶען פֵייגֶען? אַזוֹי קֶען קֵיין בְּרוּנֶען
נִיט אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען גֶעזַאלְצֶען אוּנְד
זִיס וַואסֶער:
13 וֶוער אִיז צְווִישֶׁען אֵייךְ אֵיין
קְלוּגֶער אוּנְד פַארְשְׁטֶענְדִיגֶער מַאן?
לָאז עֶר וֵוייזֶען זֵיינֶע מַעֲשִׂים אִין אֵיין
גוּטֶען וַואנְדֶעל, מִיט זַאנְפְטמוּטִיגֶער
וֵוייזְהֵייט:
14 אָבֶער וֶוען אִיהְר הָאט אִין אֵייעֶר
הַארְץ בִּיטֶערֶע קִנְאָה אוּנְד גֶעצַאנְק,
אַזוֹי בְּרִיהְמְט אֵייךְ נִיט אוּנְד לֵייקֶענְט
נִיט קֶעגֶען דֶער וָואהְרְהֵייט:
15 דִיזֶע וֵוייזְהֵייט קוּמְט נִיט אַרוּפ פוּן
אוֹיבֶען, נֵייעֶרְט עֶס אִיז פוּן דֶער
עֶרְד, אוּנְד אִיז אִירְדִישׁ אוּנְד טֵייפְ־
לִישׁ:
16 וָוארִין וְואוּ עֶס אִיז קִנְאָה אוּנְד
גֶעצַאנְק, דָארְטֶען אִיז אֵיין לַארְם אוּנְד
אַלֶעס בֵּייז:
17 אָבֶער דִיא וֵוייזְהֵייט וָואס אִיז פוּן
אוֹיבֶען אִיז צוּם עֶרְשְׁטֶען רֵיין, דֶערְנָאךְ
פְרִידְלֶעךְ, אוּנְד גֶעלִינְד, אוּנְד לָאזְט
זִיךְ אִיבֶּערְבֶּעטֶען, אוּנְד אִיז פוּל מִיט
גְנָאד אוּנְד מִיט גוּטֶע פְרוּכְט, אוּנְד
אִיז נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים, אוּנְד אִיז אָהְן
חֲנִיפָּה:
18 אוּנְד דִיא פְרוּכְט פוּן גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט ווערט גֶעזֵייעֶט אִין פְרִידֶען, צוּ
דִיא וָואס מַאכֶען פְרִידֶען:

קַאפִּיטֶעל ד

1 פוּן וַואנֶען זֶענֶען מַחֲלוֹקֶת אוּנְד
קְרִיג צְווִישֶׁען אֵייךְ? אִיז עֶס נִיט פוּן
דִיזֶען, פוּן אֵיירֶע גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען וָואס
שְׁטְרֵייטֶען אִין אֵיירֶע גְלִידֶער:
2 אִיהְר גְלוּסְט אוּנְד אִיהְר הָאט
נִיט; אִיהְר מָארְדֶעט אוּנְד זֶענְט
מְקַנֵא, אָבֶער אִיהְר קֶענְט נִיט דֶערְ־
לַאנְגֶען; אִיהְר קְרִיגְט אֵייךְ אוּנְד
טְהוּט שְׁטְרֵייטֶען, אָבֶער אִיהְר הָאט
נִיט, וֵוייל אִיהְר בֶּעט נִיט:
3 אִיהְר בֶּעטֶעט, אוּנְד אִיהְר אַנְט־
פַאנְגְט נִיט, וֵוייל אִיהְר בֶּעטֶעט
שְׁלֶעכְט, אַז אִיהְר זָאלְט עֶס פַארְצֶערֶען
אִין אֵיירֶע גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען:
4 אִיהְר אוּמְקֵיישֶׁערְס אוּנְד אוּמְקֵיישְׁ־
רֶענְס, וֵוייסְט אִיהְר דֶען נִיט אַז דִיא
פְרֵיינְדְשַׁאפְט פוּן דֶער וֶועלְט אִיז דִיא
פֵיינְדְשַׁאפְט פוּן גָאט? דְרוּם אִיטְלִי־
כֶער וָואס ווִיל זֵיין אֵיין פְרֵיינְד פוּן
דֶער וֶועלְט, אַזוֹי אִיז עֶר אֵיין פֵיינְד
פוּן גָאט:

5 אָדֶער דֶענְקְט אִיהְר אַז דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט אוּמְזוּנְסְט, דֶער גֵייסְט וָואס וְואוּינְט אִין אוּנְס גְלוּסְטֶעט צוּ קִנְאָה ?

6 אָבֶּער עֶר גִיבְּט מֶעהְר גְנָאד ; דְרוּם זָאגְט עֶר, גָאט אִיז קֶעגֶען דִיא הוֹיכְמִיטִיגֶע, אָבֶּער עֶר גִיבְּט גְנָאד צוּ דִיא זַאנְפְמוּטִיגֶע :

7 דְרוּם זֵייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ גָאט, וָועצְט אֵייךְ דֶערְוִוידֶער דֶעם שָׂטָן, אוּנְד עֶר וֶועט פוּן אֵייךְ אַוֶועקְפְלִיהֶען :

8 גֶענֶעהֶנְט אֵייךְ צוּ גָאט, אַזוֹי וֶועט עֶר זִיךְ צוּ אֵייךְ גֶענֶעהֶען ; רֵיינִיגְט אֵייעֶרֶע הֶענְד אִיהְר זִינְדֶער, אוּנְד מַאכְט רֵיין אֵייעֶר הַארְץ אִיהְר וָואס הָאט אֵיין צוּטֵיילְט הַארְץ :

9 זֵייט עֶלֶענְד, אוּנְד טְרוֹיעֶרְט אוּנְד וֵויינְט ; לָאזֶען זִיךְ אֵייעֶרֶע גֶעלֶעכְטֶער פַארְקֶערֶען צוּ קְלָאג, אוּנְד אֵייעֶרֶע פְרֵייד צוּ טְרוֹירִיגְקֵייט :

10 דֶערְנִידֶערְט אֵייךְ צוּ פַאר גָאט, אוּנְד עֶר וֶועט אֵייךְ דֶערְהֵייבֶּען :

11 בְּרִידֶער, לֶעסְטֶערְט נִיט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן ; דֶער וָואס לֶעסְטֶערְט זֵיין בְּרוּדֶער אוּנְד רִיכְטֶעט זֵיין בְּרוּדֶער, לֶעסְטֶערְט דָאס גֶעזֶעץ אוּנְד רִיכְטֶעט דָאס גֶעזֶעץ, אָבֶּער וֶוען דוּא טְהוּסְט דָאס גֶעזֶעץ רִיכְטֶען, אַזוֹי בִּיזְט דוּא נִיט אֵיין פַארְפִילֶער, נֵייעֶרְט אֵיין רִיכְטֶער פוּן דֶעם גֶעזֶעץ :

12 עֶס אִיז אֵיין אֵיינְצִיגֶער גֶעזֶעץ־גֶעבֶּער וָואס קֶען זֶעלִיג מַאכֶען אוּנְד אוּמְבְּרֶענְגֶען ; וֶוער בִּיזְט דוּא וָואס טְהוּסְט אֵיין אַנְדֶערְן רִיכְטֶען ?

13 קוּמְט נוּן, אִיהְר וָואס זָאגְט הֵיינְט אָדֶער מָארְגֶען וֶועלֶען מִיר אַוֶועקְגֵיין אִין דִיזֶער שְׁטָאט אַרֵיין, אוּנְד מִיר וֶועלֶען דָארְטֶען בְּלֵייבֶּען אֵיין יָאהְר, מִיר וֶועלֶען הַאנְדְלֶען אוּנְד וֶועלֶען גֶעוִוינֶען :

14 אוּנְד אִיהְר וֵוייסְט דָאךְ נִיט וָואס מָארְגֶען וֶועט זִיךְ טְהוּן ; וָוארִין וָואס אִיז אֵייעֶר לֶעבֶּען—עֶס אִיז אַ דַאמְפְף וָואס וֶוערְט גֶעזֶעהֶען פַאר אַ וֵוייל, אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶוערְט עֶס פַארְשְׁווִינְדֶען :

15 וֵוייל אִיהְר קֶעהְרְט צוּ זָאגֶען, וֶוען דֶער הַאר וֶועט וֶועלֶען, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר לֶעבֶּען אוּנְד וֶועלֶען טְהוּן דָאס אוּנְד דָאס :

16 אָבֶּער אַצוּנְד בְּרִיהְמְט אִיהְר אֵייךְ מִיט אֵייעֶרֶע הוֹיכְמוּטִיגְקֵייט. אַלֶעס זָאלְכֶעס בְּרִיהְמֶען אִיז בֵּייז :

17 דְרוּם דֶער וָואס וֵוייסְט גוּטֶעס צוּ טְהוּן אוּנְד טְהוּט עֶס נִיט, אַזוֹי אִיז עֶס אֵיינֶע זִינְד צוּ אִיהְם :

## קאפיטעל ה

1 אַצוּנְד, קוּמְט אִיהְר רֵייכֶע לֵייט, וֵויינְט אוּנְד קְלָאגְט פַאר דִיא צָרוֹת וָואס וֶועלֶען אִיבֶּער אֵייךְ קוּמֶען :

2 אֵייעֶר רֵייכְטְהוּם אִיז פַארְדָארְבֶּען, אוּנְד אֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער זֶענֶען מוּלְבִּיג גֶעוָוארֶען :

3 אֵייעֶר גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער זֶענֶען פַארְרָאסְטֶעט, אוּנְד דֶער רָאסְט דֶערְפוּן וֶועט זֵיין אֵיין צֵייגְנִיס קֶעגֶען אֵייךְ, אוּנְד עֶס וֶועט אוֹיפְּעֶסֶען אֵייעֶר פְלֵיישׁ וִויא אֵיין פֵייעֶר ; אִיהְר הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אוֹצָרוֹת פַאר דִיא לֶעצְטֶע טֶעג :

4 זֶעהְט, דֶער לוֹין פוּן דִיא אַרְבֵּייטֶער וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁנִיטֶען אֵייעֶרֶע פֶעלְדֶער אוּנְד וָואס אִיהְר הָאט זֵייא פַארְזוֹימְט צוּ צָאהְלֶען שְׁרֵייט אוֹיס ; אוּנְד

דָאס גֶעשְׁרֵייא פוּן דִיא אַרְבֵּייטֶער אִיז
אָנְגֶעקוּמֶען אִין דִיא אוֹירֶען אַרֵיין פוּן
דֶעם הַאר גָאט פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען ׃
5 אִיהְר הָאט אֵייךְ תַּעֲנוּגִים אָנְגֶע־
טְהוּן אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנְד הָאט וָואויל
גֶעלֶעבְּט, אִיהְר הָאט גֶעשְׁפֵּייזְט אֵייעֶרֶע
הֶערְצֶער וִויא אִין דֶעם טָאג פוּן אֵיינֶע
שְׁלַאכְט ׃
6 אִיהְר הָאט פַארְשׁוּלְדִיגְט אוּנְד הָאט
גֶעמָארְדֶעט דֶעם גֶערֶעכְטֶען, אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ אֵייךְ נִיט דֶערְוִוידֶער גֶע־
זֶעצְט ׃
7 דְרוּם בְּרִידֶער, זֵייט גֶעדוּלְדִיג, בִּיז
צוּם קוּמֶען פוּן דֶעם הַאר, זֶעהְט, דֶער
אַקֶערֶער וַוארְטֶעט פַאר דִיא טֵייעֶרֶע
פְּרוּכְט פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעדוּלְדִיג דְרִיבֶּער, בִּיז עֶר אַנְטְפַאנְגְט
דֶעם פְרִיה רֶעגֶען אוּנְד דֶעם שְׁפֶּעטֶערְן
רֶעגֶען ׃
8 אַזוֹי זֵייט אִיהְר אוֹיךְ גֶעדוּלְדִיג,
בֶּעפֶעסְטִיגְט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער, וָוארִין
דָאס קוּמֶען פוּן דֶעם הַאר אִיז נָאהֶנְט ׃
9 בְּרִידֶער, מוּרְמֶעלְט נִיט אֵיינֶער
קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערֶען, אַז אִיהְר זָאלְט
נִיט פַארְשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען, זֶעהְט דֶער
רִיכְטֶער שְׁטֵייט פַאר דֶער טְהִיר ׃
10 מֵיינֶע בְּרִידֶער, נֶעמְט אֵייךְ אֵיין
בֵּיישְׁפִּיל פוּן בֵּייזֶע לֵיידֶען אוּנְד פוּן
גֶעדוּלְד, פוּן דִיא נְבִיאִים וָואס הָאבֶּען
גֶעשְׁפְּרָאכֶען אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם
הַאר ׃
11 זֶעהְט, מִיר הַאלְטֶען גְלִיקְלִיךְ דִיא
וָואס זֶענֶען גֶעדוּלְדִיג, אִיהְר הָאט גֶע־
הֶערְט פוּן דֶער גֶעדוּלְד פוּן אִיוֹב, אוּנְד
אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם סוֹף פוּן
דֶעם הַאר, אַז דֶער הַאר אִיז לֵייטְזֶעלִיג
אוּנְד בַּארְמְהֶערְצִיג ׃
12 אוּנְד אִיבֶּער אַלֶעס, מֵיינֶע בְּרִידֶער,
שְׁוֶוערְט נִיט בֵּיים הִימֶעל, אוּנְד נִיט
בֵּייא דֶער עֶרְד, אוּנְד נִיט קֵיינֶע אַנְ־
דֶערֶע שְׁבוּעָה, אָבֶּער לָאז אֵייעֶר יוֹא
זֵיין יוֹא, אוּנְד אֵייעֶר נֵיין, נֵיין. אַז
אִיהְר זָאלְט נִיט אִין אֵיין מִשְׁפָּט אַרֵיינְ־
פַאלֶען ׃
13 וֶוען אֵיינֶער פוּן אֵייךְ לֵיידֶעט בֵּייז,
לָאז עֶר בֶּעטֶען ; וֶוען אֵיינֶער אִיז
פְרֵיילִיךְ, לָאז עֶר זִינְגֶען מִזְמוֹרִים ׃
14 וֶוען אֵיינֶער פוּן אֵייךְ אִיז שְׁוַואךְ,
לָאז עֶר רוּפֶען דִיא זְקֵנִים פוּן דֶער
גֶעמֵיינְדֶע, אוּנְד לָאזֶען זֵייא אִיבֶּער
אִיהְם בֶּעטֶען, אוּנְד לָאזֶען זֵייא אִיהְם
זַאלְבֶּען מִיט אֵייל אִין דֶעם נָאמֶען פוּן
דֶעם הַאר ׃
15 אוּנְד דָאס גֶעבֶּעט פוּן גְלוֹיבֶּען
וֶועט דֶעם קְרַאנְקֶען הֶעלְפֶען, אוּנְד
דֶער הַאר וֶועט אִיהְם אוֹיפְהֵייבֶּען,
אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט אַזוֹי
וֶועט עֶס אִיהְם פַארְגֶעבֶּען וֶוערֶען ׃
16 בֶּעקֶענְט אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען
אֵייעֶרֶע פֶעהְלֶערְם, אוּנְד בֶּעטֶעט אֵיינֶער
פַאר דֶעם אַנְדֶערֶען, אַז אִיהְר זָאלְט
גֶעהֵיילִיגְט וֶוערֶען ; דָאס גֶעבֶּעט פוּן
אֵיין צַדִיק אִיז מֶעכְטִיג אוּנְד וִוירְקְט
פִיל ׃
17 אֵלִיָהוּ וַואר אֵיין מֶענְשׁ גְלֵייךְ וִויא
מִיר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען אֵיין
גֶעבֶּעט אַז עֶס זָאל נִיט רֶעגְנֶען אוּנְד
עֶס הָאט נִיט גֶערֶעגֶענְט אוֹיף דֶער
עֶרְד דְרֵייא יָאהְר אוּנְד זֶעקְס חֳדָשִׁים ׃
18 אוּנְד עֶר הָאט וִוידֶער גֶעבֶּעטֶען,
אוּנְד דֶער הִימֶעל הָאט גֶעגֶעבֶּען רֶעגֶען,
אוּנְד דִיא עֶרְד הָאט אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאצְט
פְּרוּכְט ׃
19 בְּרִידֶער, וֶוען אֵיינֶער פוּן אֵייךְ

אִיז

אִיז פַארְפִירְט פוּן דֶער וָוארְהֵייט, אוּנְד
אֵיינֶער וֶועט אִיהְם אוּמְקֶערֶען :
20 אַזוֹי לָאז עֶר ווִיסֶען אַז דֶער וָואס
קֶערְט אוּם אֵיין זִינְדֶער פוּן דֶעם טָעוּת
פוּן זֵיין וֶועג, אִיז מַצִיל אֵיין נֶפֶשׁ פוּן
דֶעם טוֹיט, אוּנְד וֶועט בֶּעדֶעקֶען
פִילֶע זִינְדֶען :



# דֶער עֶרְשְׁטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פֶּעטְרוּס.

1 פֶּעטְרוּס אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, צוּ דִיא פְרֶעמְדֶע וָואס וֶוענֶען אִין פָּאנְטוּס, גַאלַאטְיָא, כַּפְתּוֹר, אַזְיָא, אוּנְד אִין בֶּעטוּנְיָא :

2 וָואס זֶענֶען אוֹיסְדֶערְוֶוילְט נָאךְ דֶער פָארְזֶעהוּנְג פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער דוּרְךְ דֶער הֵיילִיגוּנְג פוּן דֶעם גֵייסְט, צוּם גֶעהָארְכֶען אוּנְד שְׁפְּרֶענְקְלֶען פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ ; גְנָאד אוּנְד פְרִידֶען זָאל זִיךְ צוּ אֵייךְ מֶעהְרֶען :

3 גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאט אוּנְד דֶער פָאטֶער פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וָואס הָאט אוּנְס ווִידֶער גֶעבּוֹירֶען נָאךְ זֵיינֶע גְרוֹיסֶער בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט צוּ דֶער הָאפְנוּנְג פוּן לֶעבֶּען, דוּרְךְ דֶעם וָואס יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אִיז פוּן דֶעם טוֹיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען :

4 צוּ אֵיינֶע עֶרְבְשַׁאפְט וָואס וֶוערְט נִיט פַארְדָארְבֶּען, אוּנְד אִיז אוּמְבֶּעפְלֶעקְט, אוּנְד וָואס וֶוערְט נִיט פֶערְוֶועלְקְט, וָואס אִיז בֶּעהַאלְטֶען אִים הִימֶעל פַאר אוּנְס :

5 וָואס מִיר וֶוערֶען גֶעהִיט בֵּייא דֶער מַאכְט פוּן גָאט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען, צוּ אֵיינֶער זֶעלִיגְקֵייט וָואס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט אַנְטפְּלֶעקְט צוּ וֶוערֶען אִין דֶער לֶעצְטֶער צֵייט :

6 אִין וֶועלְכֶער אִיהְר פְרֵייט אֵייךְ, אוּנְד חָאטְשֶׁע אִיהְר זֶענְט אַצוּנְד אַ בִּיסֶעל אִין צַעַר דוּרְךְ פַארְשִׁידֶענֶע פְרִיפוּנְגֶען, וֶוען עֶס אִיז נֵייטִיג :

7 כְּדֵי דִיא פְּרוּף פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען וָואס אִיז פִיל טֵייעֶרֶער פוּן גָאלְד וָואס וֶוערְט פַארְלוֹירֶען, חָאטְשֶׁע עֶס וֶוערְט גֶעפְּרוּפְט אִין פֵייעֶר, זָאל גֶעפוּנֶען וֶוערֶען צוּ לוֹיבּ אוּנְד צוּ כָּבוֹד אוּנְד צוּ הֶערְלִיכְקֵייט, וֶוען יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ וֶועט אַנְטפְּלֶעקְט וֶוערֶען :

8 וֶועלְכֶען אִיהְר לִיבְּט חָאטְשֶׁע אִיהְר הָאט אִיהְם נִיט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד אִיהְר גְלֵייבְּט אָן אִיהְם, חָאטְשֶׁע אִיהְר זֶעהְט אִיהְם נִיט אַצוּנְד, אוּנְד פְרֵייט אֵייךְ מִיט אֵיינֶע פְרֵייד וָואס קֶען נִיט דֶערְצֵיילְט וֶוערֶען, אוּנְד וָואס אִיז פַארְהֶערְלִיכְט :

9 אוּנְד אִיהְר אַנְטפַאנְגְט דָאס עֶנְד פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, דִיא זֶעלִיגְקֵייט פוּן אֵיירֶע נְשָׁמוֹת :

10 וֶועלְכֶע זֶעלִיגְקֵייט דִיא נְבִיאִים הָאבֶּען גֶעזוּכְט אוּנְד גֶעפָּארְשְׁט, וָואס הָאבֶּען נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט וֶועגֶען דֶער גְנָאד וָואס אִיז צוּ אֵייךְ :

11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעפָּארְשְׁט וָואס אוּנְד וֶועלְכֶע צֵייט דֶער גֵייסְט פוּן מָשִׁיחַ וָואס וַואר אִין זֵייא הָאט בֶּעדֵייטֶעט, וֶוען עֶר הָאט פְרִיעֶר בֶּעצֵייגְט דִיא לֵיידֶען פוּן מָשִׁיחַ, אוּנְד דִיא הֶערְלִיכְקֵייט וָואס זָאל דֶערְנָאךְ קוּמֶען :

12 אוּנְד עֶס אִיז צוּ זֵייא אַנְטפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, אַז זֵייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט בַּאדִינְט, נֵייעֶרְט צוּ אוּנְס, דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען צוּ אֵייךְ אַצוּנְד גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען בֵּייא דִיא וָואס הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וָואס וַואר אַרוּפּ גֶעשִׁיקְט פוּן הִימֶעל; וֶועלְכֶע זַאכֶען דִיא מַלְאָכִים הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט אָנְצוּזֶעהֶען :

13 דְרוּם גַארְטֶעלְט אַרוּם דִיא לֶענְדֶען פוּן אֵייעֶר פַארְשְׁטַאנְד, זֵייט נִיכְטֶערֶען, אוּנְד הָאפְט בִּיז צוּם עֶנְד אוֹיף דֶער גְנָאד וָואס וֶועט צוּ אֵייךְ גֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען וֶוען יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ וֶועט אַנְטפְּלֶעקְט וֶוערֶען :

14 זֵייט וִויא קִינְדֶער וָואס גֶעהָארְכֶען, אוּנְד זֵייט נִיט גְלֵייךְ וִויא פְרִיעֶר וֶוען אִיהְר הָאט גֶעלֶעבְּט אִין אֵיירֶע גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען אוּמְוִויסֶענְטלִיךְ :

15 נֵייעֶרְט אַזוֹי וִויא דֶער וָואס הָאט אֵייךְ בֶּערוּפֶען אִיז הֵיילִיג, אַזוֹי זֵייט אִיהְר אוֹיךְ הֵיילִיג אִין אַלֶעם וַואנְדֶעל :

16 וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, זֵייט אִיהְר הֵיילִיג וֵוייל אִיךְ בִּין הֵיילִיג :

17 אוּנְד וֶוען אִיהְר רוּפְט אָן דֶעם פָאטֶער וָואס טְהוּט רִיכְטֶען אִיטְלִיכֶען נָאךְ זֵיין וֶוערְק אָהְן נְשִׂיאוּת פָּנִים, אַזוֹי וַואנְדֶעלְט מִיט פוּרְכְט דוּרְךְ דֶער צֵייט וָואס אִיהְר וְואוֹינְט הִיעֶר :

18 וָוארִין אִיהְר וֵוייסְט אַז אִיהְר זֶענְט נִיט דֶערְלֵייזְט גֶעוָוארֶען מִיט פַארְדֶערְבְּלִיכֶען זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד, פוּן אֵיירֶען נַארִישֶׁען וַואנְדֶעל וָואס אִיהְר הָאט דֶערְהַאלְטֶען פוּן אֵיירֶע פֶעטֶער :

19 נֵייעֶרְט מִיט דֶעם טֵייעֶרֶען בְּלוּט פוּן מָשִׁיחַ, וִויא פוּן אֵיין לַאם וָואס אִיז אָהְן אֵיין מוּם אוּנְד אוּמְבֶּעפְלֶעקְט :

20 וָואס וַואר פְרִיעֶר אוּנְגֶעבְּרֵייט אֵיידֶער דִיא וֶועלְט וַואר גֶעגְרוּנְדֶעט, אוּנְד אִיז אַנְטפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען אִין דִיא לֶעצְטֶע צֵייטֶען פוּן אֵייעֶרְט וֶועגֶען :

21 וָואס גְלֵייבֶּען דוּרְךְ אִיהְם אָן גָאט, וָואס הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דֶעם טוֹיט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען הֶערְלִיכְקֵייט, אַז אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען אוּנְד אֵיירֶע הָאפְנוּנְג זָאל זֵיין אִין גָאט :

22 זִינְטמָאל אִיהְר הָאט גֶערֵיינִיגְט אֵיירֶע נְשָׁמוֹת אִין דֶעם וָואס אִיהְר הָאט גֶעהָארְכְט צוּ דֶער וָוארְהֵייט דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט, צוּ אוּמְגֶעשְׁמֵייכֶעלְטֶע לִיבְּשַׁאפְט, אַזוֹי לִיבְּט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן מִיט עֶרְנְסְט אוּנְד מִיט אֵיין רֵיין הַארְץ :

23 וֵוייל אִיהְר זֶענְט וִוידֶער גֶעבּוֹירֶען, נִיט פוּן פַארְדֶערְבְּלִיכֶען זָאמֶען נֵייעֶרְט פוּן אוּמְפַארְדֶערְבְּלִיכֶען, דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן גָאט וָואס לֶעבְּט אוּנְד בְּלֵייבְּט אוֹיף אֵיבִּיג :

24 וָוארִין אַלֶעם פְלֵיישׁ אִיז וִויא גְרָאז, אוּנְד אַלֶע הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דֶעם מֶענְשׁ



איז

אִיז וִויא א בְּלוּמֶעלֶע פוּן דֶעם גְרָאז;
דָאס גְרָאז וֶוערְט פֶערְוֶועלְקְט, אוּנְד
דָאס בְּלוּמֶעל פַאלְט אַוֶועק:
25 אָבֶּער דָאס וָוארְט פוּן גָאט בְּלֵייבְּט
אוֹיף אֵייבִּיג, אוּנְד דָאס אִיז דָאס וָוארְט
וָואס אִיז צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט:

קאפיטעל ב

1 דְרוּם טְהוּט אָפּ אַלֶע בֵּייזְהֵייט, אוּנְד
אַלֶע פַאלְשְׁהֵייט, אוּנְד הֵייכְלֶערֵייא
אוּנְד קִנְאָה, אוּנְד אַלֶע בֵּייזֶע רֵייד:
2 אוּנְד בֶּעגֶערְט דִיא לוּיטֶערֶע מִילְךְ
פוּן דֶעם וָוארְט, וִויא קִינְדֶער וָואס
זֶענֶען עֶרְשְׁט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, אַז
אִיהְר זָאלְט דָאדוּרְךְ וַואקְסֶען:
3 אוֹיבּ אִיהְר הָאט פַארזוּכְט אַז דֶער
הַאר אִיז גוּטִיג:
4 צוּ וֶועלְכֶען אִיהְר קוּמְט וִויא צוּ
אֵיין לֶעבֶּעדִיגֶען שְׁטֵיין, וָואס אִיז פַארְ־
וָוארְפֶען בֵּייא מֶענְשֶׁען, אָבֶּער וָואס
אִיז אוֹיסְדֶערְוֵוייְלְט פוּן גָאט אוּנְד אִיז
טֵייעֶר:
5 אוּנְד אִיהְר זֶעלְבְּסְט וִויא לֶעבֶּעדִיגֶע
שְׁטֵיינֶער וֶוערְט אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט אֵיין
גֵייסְטְלִיךְ הוֹיז, אֵיינֶע הֵיילִיגֶע כְּהוּנָה,
אַז אִיהְר זָאלְט אוֹיפְבְּרֶענְגֶען גֵייסְטְלִיכֶע
קָרְבָּנוֹת, וָואס זֶענֶען אָנְגֶענוּמֶען פַאר
גָאט דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:
6 אוּנְד דָארוּם שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין
דֶער שְׁרִיפְט, זֶעהְט, אִיךְ לֵייג אִין צִיוֹן
אֵיין עֶק־שְׁטֵיין וָואס אִיז אוֹיסְדֶערְוֵוייְלְט
אוּנְד טֵייעֶר, אוּנְד דֶער וָואס גְלֵייבְּט
אָן אִיהְם וֶועט נִיט פַארְשֶׁעמְט וֶוער־
רֶען:
7 דָארוּם אִיז עֶר טֵייעֶר צוּ אֵייךְ
וָואס גְלֵייבֶּען, אָבֶּער צוּ דִיא וָואס
גְלֵייבֶּען נִיט אִיז עֶר דֶער שְׁטֵיין וָואס
דִיא בּוֹיעֶרְס הָאבֶּען פַארְוָוארְפֶען, אוּנְד
וָואס אִיז גֶעוָוארֶען צוּם עֶק־שְׁטֵיין:
8 אוּנְד אֵיין שְׁטֵיין פוּן אָנְשְׁטוֹיס,
אוּנְד אֵיין פֶעלְזֶען פוּן שְׁטְרוֹיכְלוּנְג, צוּ
דִיא וָואס שְׁטְרוֹיכְלֶען אִין דֶעם וָוארְט,
וֵוייל זֵייא זֶענֶען וִוידֶערְשְׁפֶּענִיג, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען דֶערְצוּ גֶעזֶעצְט:
9 אָבֶּער אִיהְר זֶענְט אֵיין אוֹיסְדֶערְ־
וֵוייְלְט דוֹר, אֵיינֶע קֶענִיגְלִיכֶע כְּהוּנָה,
אֵיין הֵיילִיג פָאלְק, אֵיין אֵייגֶענֶעם
פָאלְק; כְּדֵי אִיהְר זָאלְט צֵייגֶען דֶעם
לוֹיבּ פוּן אִיהְם וָואס הָאט אֵייךְ אַרוֹיס
גֶערוּפֶען פוּן דֶער פִינְסְטֶערְנִיס צוּ זֵיין
וואוּנְדֶערְלִיכֶען לִיכְט:
10 וָואס אִיהְר זֶענְט פְרִיעֶר נִיט גֶעוֶ־
וֶעזֶען אֵיין פָאלְק, אָבֶּער אַצוּנְד זֶענְט
אִיהְר דָאס פָאלְק פוּן גָאט, וָואס אִיהְר
הָאט נִיט דֶערְהַאלְטֶען קֵיינֶע בַּארְמְ־
הֶערְצִיגְקֵייט, אָבֶּער אַצוּנְד הָאט אִיהְר
בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט דֶערְהַאלְטֶען:
11 גֶעלִיבְּטֶע, אִיךְ בֶּעט אֵייךְ וִויא
פְרֶעמְדֶע אוּנְד וַואנְדֶערֶערְס, אַז אִיהְר
זָאלְט אֵייךְ אָפְּהַאלְטֶען פוּן דִיא גְלוּסְ־
טִיגְקֵייטֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ וָואס
שְׁטְרֵייטֶען קֶעגֶען דֶער נְשָׁמָה:
12 אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ גוּט אוֹיפְ־
פִירֶען צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם, אַז וֵוייל זֵייא
לֶעסְטֶערֶען אֵייךְ וִויא דִיא וָואס טְהוּן
אוּמְרֶעכְט, אַזוֹי זָאלֶען זֵייא אָנְזֶעהֶען
אֵיירֶע מַעֲשִׂים טוֹבִים, אוּנְד זָאלֶען
גָאט לוֹיבֶּען אִין דֶעם טָאג פוּן בֶּע־
זוּכוּנְג:
13 דְרוּם זֵייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ אַלֶער
מֶענְשְׁלִיכֶער אָרְדֶענוּנְג פוּן וֶועגֶען דֶעם
הַאר, אוֹיבּ עֶס אִיז צוּם קֶענִיג, וִויא
צוּם עֶלְצְטֶען:
14 אָדֶער צוּ דִיא וָואס בֶּעפֶעהְלֶען
אִיבֶּער אֵייךְ, וִויא דִיא וָואס זֶענֶען פוּן

אִיהְם גֶעשִׁיקְט צוּ שְׁטְרָאפֶען דִיא וָואס טְהוּן אוּמְרֶעכְט, אוּנְד צוּ לוֹיבֶּען דִיא וָואס טְהוּן גוּטֶעס :

15 וָוארִין דָאס אִיז דֶער ווִילֶען פוּן גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט גוּטֶעס טְהוּן אוּנְד זָאלְט דֶערְמִיט שְׁטִילֶען דִיא נַארִישְׁקֵייט פוּן נַארִישֶׁע מֶענְשֶׁען :

16 זֵייט ווִיא פְרֵייעֶ לֵייט, אוּנְד מַאכְט נִיט אֵייעֶרֶע פְרֵייהֵייט פַאר אֵיין דֶעק פוּן בֵּייזֶען, גֵייעֶרְט זֵייט ווִיא דִיא קְנֶעכְט פוּן גָאט :

17 הַאלְט אַלֶע לֵייט עֶרְלִיךְ, לִיבְּט דִיא בְּרִידֶערְשַׁאפְט, פָארְכְט אֵייךְ פַאר גָאט, הַאלְט בְּכָבוֹד דֶעם קֶענִיג :

18 אִיהְר קְנֶעכְט, זֵייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ אֵייעֶרֶע הַארֶען מִיט אַלֶער פוּרְכְט, נִיט אַלֵיין צוּ דִיא גוּטֶע אוּנְד גֶעלִינְדֶע, גֵייעֶרְט אוֹיךְ צוּ דִיא הַארְטֶע :

19 וָוארִין דָאס אִיז גְנָאד, וֶוען אֵיינֶער לֵיידֶעט צַער אוּנְד דֶערְטְרָאגְט אוּמְ־רֶעכְט וֶועגֶען זַיין גֶעווִיסֶען קֶעגֶען גָאט :

20 וָוארִין וָואס פַאר אֵיין לוֹיבּ אִיז עֶס וֶוען אִיהְר דֶערְטְרָאגְט וֶוען אִיהְר וֶוערְט גֶעשְׁלָאגֶען פַאר אֵייעֶרֶע זִינְד ? אָבֶּער וֶוען אִיהְר טְהוּט גוּטֶעס אוּנְד לֵיידֶעט דֶערְפַאר אוּנְד אִיהְר דֶערְטְרָאגְט עֶס, דָאס אִיז אָנְגֶענוּמֶען פַאר גָאט :

21 וָוארִין אִיהְר זֶענְט דֶערְצוּ בֶּערוּפֶען, ווייל מָשִׁיחַ הָאט אוֹיךְ גֶעלִיטֶען פַאר אוּנְס, אוּנְד הָאט אוּנְס אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אֵיין בֵּיישְׁפִּיל, אַז אִיהְר זָאלְט נָאכְ־פָאלְגֶען זֵיינֶע שְׁרִיט :

22 וָואס הָאט קֵיינֶע זִינְד נִיט גֶע־טְהוּן, אוּנְד קֵיינֶע פַאלְשְׁהֵייט וַואר נִיט גֶעפוּנֶען אִין זַיין מוֹיל :

23 וָואס וֶוען עֶר וַואר גֶעלֶעסְטֶערְט הָאט עֶר נִיט צוּרִיק גֶעלֶעסְטֶערְט, וֶוען עֶר הָאט גֶעלִיטֶען הָאט עֶר זִיךְ נִיט גֶעבֵּייזֶערְט, גֵייעֶרְט עֶר הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ אִיהְם וָואס טְהוּט רֶעכְט רִיכְטֶען :

24 אוּנְד עֶר הָאט זֶעלְבְּסְט גֶעטְרָאגֶען אוּנְזֶערֶע זִינְדֶען אִין זַיין לֵייבּ אוֹיף דֶעם בּוֹים, אַז מִיר זָאלֶען טוֹיט זַיין צוּ זִינְד, אוּנְד זָאלֶען לֶעבֶּען צוּר גֶערֶעכְ־טִיגְקֵייט, אוּנְד אִיהְר זֶענְט גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען דוּרךְ זֵיינֶע ווְאוּנְדֶען :

25 וָוארִין אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען ווִיא פַארְאִירְטֶע שָׁאף, אָבֶּער אַצוּנְד הָאט אִיהְר אֵייךְ אוּמְגֶעקֶערְט צוּם הִירְט אוּנְד אִיבֶּערְזֶעהֶער פוּן אֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת :

## קאפיטעל ג

1 אַזוֹי אוֹיךְ אִיהְר וַוייבֶּער, זֵייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ אֵייעֶרֶע מֶענֶער, אַז וֶוען עֶטְלִיכֶע גְלֵייבֶּען נִיט אִין דֶעם וָוארְט, אַזוֹי זָאלֶען זֵייא גֶעווִינֶען וֶוערֶען דוּרךְ דֶעם וַואנְדֶעל פוּן דִיא וַוייבֶּער :

2 וֶוען זֵייא וֶועלֶען זֶעהֶען אֵייעֶרֶען רֵיינֶען וַואנְדֶעל מִיט פוּרְכְט :

3 אוּנְד לָאז אֵייעֶרֶע צִירוּנְג נִיט זַיין פוּן דְרוֹיסֶען מִיט גֶעפְּלָאכְטֶענֶע הָאר, אוּנְד מִיט גִילְדֶערְנֶע בֶּענְדֶער אוּנְד מִיט קְלֵיידוּנְג :

4 גֵייעֶרְט לָאז עֶס זַיין אִין דֶעם פַאר־בָּארְגֶענֶעם פוּן דֶעם הַארץ, וָואס אִיז אוּמְפַארְדֶערְבְּלִיךְ, מִיט אֵיין זַאנְפְטְ־מוּטִיגֶען אוּנְד שְׁטִילֶען גֵייסְט, וָואס אִיז זֵייעֶר טֵייעֶר פַאר גָאט :

5 וָוארִין אַזוֹי פְלֶעגֶען זִיךְ פְרִיעֶר צוּ צִירֶען דִיא הֵיילִיגֶע וַוייבֶּער וָואס הָאבֶּען גֶעהָאפְט אִין גָאט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעוֶועזֶען צוּ זֵייעֶרֶע מֶענֶער :

6 אַזוֹי ווִיא שָׂרָה הָאט גֶעהָארכְט צוּ

אַבְרָהָם, אוּנְד הָאט אִיהם גערוּפֶען
הַאר, אוּנְד אִיהָר זֶענְט זַיירֶע קִינְדֶער,
וָוען אִיהָר טְהוּט גוּטֶעס אוּנְד פָארכְט
אַייךְ נִיט מִיט קֵיין שְׁרֶעקֶען׃

7 אַזוֹי אוֹיךְ אִיהָר מֶענֶער, וְואוֹינְט
מִיט זַייא לוֹיט פַארשְׁטַאנְד, אוּנְד גִיבְּט
כָּבוֹד צוּם וַוייבּ וִויא צוּ אַיין שְׁוַואכֶערְן
כְּלִי, וִויא דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אַייךְ
מִיטעֶרְבֶּען פוּן דֶער גְנָאד פוּן לֶעבֶּען,
אַז אַיירֶע גֶעבֶּעטֶע זָאלֶען נִיט גֶעהִינְ־
דֶערְט וֶוערֶען׃

8 אוּנְד ווייטֶער, הָאט אַלֶע אַיינֶער־
לֵייא גֶעדַאנְקֶען, הָאט מִיטלֵיידֶען
אוּנְטֶער אַנַאנְדֶער, הָאט בְּרִידֶערלִיכֶע
לִיבְּשַׁאפְט, זַייט בַּארֶעמְהֶערְצִיג, זַייט
פְרֵיינְדלִיךְ׃

9 בֶּעצָאלְט נִיט בֵּייזֶעס פַאר בֵּייזֶען,
אָדֶער לֶעסְטֶערוּנְג פַאר לֶעסְטֶערוּנְג,
נֵייעֶרְט טְהוּט בֶּעסֶער בֶּענְשֶׁען; וִויא
אִיהָר ווייסְט אַז אִיהָר זֶענְט צוּ דִיזֶען
בֶּערוּפֶען, אַז אִיהָר זָאלְט עֶרְבֶּען אַיינֶע
בְּרָכָה׃

10 וָוארִין דֶער וָואס וִויל לִיבּ הָאבֶּען
דָאס לֶעבֶּען אוּנְד זֶעהֶען גוּטֶע טֶעג,
לָאז עֶר הַאלְטֶען זַיינֶע צוּנְג פוּן בֵּייזֶען,
אוּנְד זַיינֶע לֶעפְּצֶען זַייא זָאלֶען נִיט
רֶעדֶען קֵיין פַאלְשְׁהַייט׃

11 לָאז עֶר זִיךְ אָפְּקֶערֶען פוּן בֵּייזֶען
אוּנְד לָאז עֶר זוּכֶען פְרִידֶען אוּנְד לָאז
עֶר עֶס נָאכְיָאגֶען׃

12 וָוארִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר
גָאט זֶענֶען אוֹיף דִיא צַדִיקִים, אוּנְד
זַיינֶע אוֹירֶען זֶענֶען אָפֶען צוּ זַייעֶר
גֶעבֶּעט, אָבֶּער דָאס אָנְגֶעזִיכְט פוּן דֶעם
הַאר גָאט אִיז קֶעגֶען דִיא וָואס טְהוּן
בֵּייז׃

13 אוּנְד וֶוער וֶועט אַייךְ בֵּייז טְהוּן
וֶוען אִיהָר פָאלְגְט נָאךְ דָאס גוּטֶע׃

14 אָבֶּער וֶוען אִיהָר טְהוּט אוֹיךְ
לֵיידֶען וֶועגֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, וָואוֹיל
אַייךְ, אוּנְד פָארְכְט אַייךְ נִיט פַאר זַייעֶר
שְׁרֶעקֶען, אוּנְד דֶערשְׁרֶעקְט אַייךְ נִיט׃

15 נֵייעֶרְט הֵיילִיגְט דֶעם הַאר גָאט
אִין אַיירֶע הֶערְצֶער; אוּנְד זַייט שְׁטֶענְ־
דִיג בֶּערֵייט צוּ עֶנְטפֶערְן אִיטְלִיכֶען
וָואס פְרֶעגְט אַייךְ וֶועגֶען דֶעם גְרוּנְד
פוּן דֶער הָאפְנוּנְג וָואס אִיז אִין אַייךְ,
מִיט זַאנְפְטמוּטִיגְקֵייט אוּנְד מִיט פוּרְכְט׃

16 אוּנְד הָאט אַיין גוּטֶעס גֶעווִיסֶען,
אַז וֶוען זַייא לֶעסְטֶערֶען אַייךְ וִויא
בֵּייזֶע לַייט, אַזוֹי זָאלֶען דִיא פֶערְ־
שֶׁעמְט וֶוערֶען וָואס פֶערשֶׁעמֶען אַייעֶר
גוּטֶען וַואנְדֶעל אִין מָשִׁיחַ׃

17 וָוארִין עֶס אִיז בֶּעסֶער, וֶוען עֶס
אִיז דֶער ווילֶען פוּן גָאט, אַז אִיהָר
זָאלְט לֵיידֶען פַאר גוּטֶעס טְהוּן אֵיידֶער
פַאר בֵּייז טְהוּן׃

18 וָוארִין מָשִׁיחַ הָאט אוֹיךְ אַיין מָאל
גֶעלִיטֶען פַאר זִינְדֶער, דֶער גֶערֶעכְטֶער
פַאר דִיא אוּמְגֶערֶעכְטֶע, אַז עֶר זָאל
אוּנְס בְּרֶענְגֶען צוּ גָאט; אוּנְד עֶר וַואר
אוּמְגֶעבְּרַאכְט אִין דֶעם פְלֵייש, אָבֶּער
עֶר אִיז לֶעבֶּעדִיג גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם
גֵייסְט׃

19 דוּרְךְ וֶועלְכֶען עֶר אִיז אוֹיךְ גֶע־
גַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט צוּ דִיא
רוּחוֹת אִין דֶעם גֶעפֶענְקֶענִיס׃

20 וָואס הָאבֶּען פְרִיעֶר נִיט גֶעגְלֵייבְּט,
וֶוען דִיא לַאנְגמוּטִיגְקֵייט פוּן גָאט הָאט
אַיין מָאל גֶעוַוארְט אִין דִיא טֶעג פוּן
נוֹחַ, וֶוען עֶר הָאט גֶעבּוֹיעֶט דִיא תֵּיבָה,
אִין וֶועלְכֶער עֶטְלִיכֶע זֶענֶען גֶערֶעטֶעט
גֶעוָוארֶען דוּרְךְ וַואסֶער, דָאס הֵייסְט
אַכְט נְפָשׁוֹת׃

אוּנְד

21 אוּנְד אִין דִיזֶען גְלֵייכְנִים טְהוּט אוּנְס אַצוּנְד דִיא טוֹיפֶע אוֹיךְ מַצִיל זַיין, (נִיט אָפְּצוּוַאשֶׁען דִיא אוּמְרֵיינִיג־קֵייט פוּן דֶעם פְלֵיישׁ, נֵייעֶרְט מִיר וָאלֶען זִיךְ אִיבֶּערגֶעבֶּען צוּ גָאט מִיט אֵיין גוּט גֶעוִויסֶען) דוּרְךְ דֶעם אוֹיפְ־שְׁטַאנְד פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ׃

22 וָואס אִיז אַרוֹיפְגֶענַאנְגֶען אִין הִימֶעל אַרַיין, אוּנְד אִיז צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן גָאט, אוּנְד מַלְאָכִים אוּנְד הֶערְשַׁאפְטֶען אוּנְד מֶעכְטֶען זֶענֶען צוּ אִיהְם אוּנְטֶערטֶענִיג׃

קאפיטעל ד

1 דָארוּם וֵוייל מָשִׁיחַ הָאט פַאר אוּנְס גֶעלִיטֶען אִין דֶעם פְלֵיישׁ, וָואפִּנְט אִיהְר אֵייךְ אוֹיךְ מִיט דֶעם זֶעלְבִּיגֶען פַארשְׁטַאנְד, וָוארִין דֶער וָואס הָאט גֶעלִיטֶען אִין דֶעם פְלֵיישׁ, הָאט אוֹיפְ־גֶעהֶערְט צוּ זִינְדִיגֶען׃

2 אַז עֶר זָאל נִיט מֶעהְר לֶעבֶּען דִיא אִיבְּרִיגֶע צֵייט אִין דֶעם פְלֵיישׁ צוּ דִיא גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען פוּן מֶענְשֶׁען, נֵייעֶרְט צוּם ווִילֶען פוּן גָאט׃

3 וָוארִין עֶס אִיז גֶענוּג פַאר אוּנְס דָאס מִיר הָאבֶּען אִין דֶער פַארגַאנְגֶע־נֶער צֵייט פוּן אוּנְזֶער לֶעבֶּען גֶעווִירְקְט דֶען ווִילֶען פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד הָאבֶּען גֶעוַואנְדֶעלְט אִין יֵצֶר הָרָע, אִין גְלוּסְ־טִיגְקֵייטֶען, אִין וַויין זוֹיפֶען, אִין שְׁפִּילֶען, אִין מָאלְצֵייטֶען, אוּנְד אִין אוּמְווִירְדִיגֶער אָפְּגֶעטֶערַייא׃

4 אוּנְד זֵייא פַארְוְואוּנְדֶערְן זִיךְ דָאס אִיהְר לוֹיפְט נִיט מִיט זֵייא אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער פֶערשְׁוֶוענְדְרִישֶׁער פְּרֶעסֶע־רַייא, אוּנְד זֵייא לֶעסְטֶערְן אֵייךְ׃

5 אָבֶּער זֵייא וֶועלֶען מוּסֶען אָפְּגֶעבֶּען אַ חֶשְׁבּוֹן צוּ דֶעם וָואס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ רִיכְטֶען דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע אוּנְד דִיא טוֹיטֶע׃

6 וָוארִין נָארוּם וָואר אוֹיךְ דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם גֶעפְּרֶעדִיגְט צוּ דִיא טוֹיטֶע, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען נָאךְ מֶענְשֶׁען נָאךְ אִין דֶעם פְלֵיישׁ, אוּנְד זֵייא זָאלֶען לֶעבֶּען נָאךְ גָאט נָאךְ אִין דֶעם גֵייסְט׃

7 אָבֶּער דָאס עֶנְד פוּן אַלֶעם אִיז נָאהֶנְט; דְרוּם זַייט קְלוּג אוּנְד וַואכְט צוּ דֶעם גֶעבֶּעט׃

8 אוּנְד אִיבֶּער אַלֶעם לָאז אֵייעֶרֶע לִיבְּשַׁאפְט אוּנְטֶער אַנַאנְדֶער עֶרֶענְסְט זַיין; וָוארִין דִיא לִיבְּשַׁאפְט וֶועט צוּ דֶעקֶען פִילֶע זִינְדֶען׃

9 זַייט מְכַבְּדִים אוֹרְחִים צְווִישֶׁען אֵייךְ אָהְן אַ גֶעמוּרְמֶעל׃

10 לָאז אִיטְלִיכֶער בֶּערִינֶען דֶעם אַנְדֶערְן אַזוֹי וִויא עֶר הָאט אַנְטְפַאנְגֶען דִיא גָאבּ, וִויא גוּטֶע פַארְוַואלְטֶערְס פוּן דֶער גְרוֹיסֶער גְנָאד פוּן גָאט׃

11 וֶוען אֵיינֶער רֶעט, לָאז עֶר רֶעדֶען נָאךְ דִיא רֵייד פוּן גָאט; וֶוען אֵיינֶער בַּאדִינְט, לָאז עֶר עֶס טְהוּן נָאךְ דֶער קְרַאפְט וָואס גָאט הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען; אַז גָאט זָאל פַארְהֶערְלִיכְט וֶוערֶען אִין אַלֶעם דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וָואס צוּ אִיהְם אִיז דֶער כָּבוֹד אוּנְד דִיא קְרַאפְט פוּן אֵייבִּיגְקֵייט צוּ אֵיי־בִּיגְקֵייט, אָמֵן׃

12 גֶעלִיבְּטֶע, וְואוּנְדֶערְט אֵייךְ נִיט אִיבֶּער דֶער פֵייעֶרְדִיגֶען פְּרִיפוּנְג וָואס אִיז צוּ אֵייךְ גֶעקוּמֶען, גְלֵייךְ עֶס הָאט זִיךְ אֵייךְ עֶפֶּעס נֵייעֶס גֶעטְרָאפֶען׃

13 נֵייעֶרְט פְרֵייט אֵייךְ דָאס אִיהְר הָאט אֵיין טֵייל אִין דִיא לֵיידֶען פוּן מָשִׁיחַ, אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ פְרֵייעֶן

מיט

מִיט אֵיין שִׂמְחָה וֶוען זֵיינֶע הֶערְלִיכְ־
קֵייט וֶועט אַנְטפְּלֶעקְט וֶוערֶען׃

14 וֶוען אִיהְר וֶוערְט גֶעלֶעסְטֶערְט
וֶוענֶען דֶעם נָאמֶען פוּן מָשִׁיחַ, וְואוויל
אֵייךְ, וָוארִין דֶער גֵייסְט פוּן הֶערְלִיכְ־
קֵייט אוּנְד פוּן גָאט רוּהְט אוֹיף אֵייךְ.
אָן זֵייעֶר זֵייט וֶוערְט עֶר גֶעלֶעסְטֶערְט,
אָבֶּער אָן אֵייעֶרֶע זֵייט וֶוערְט עֶר
פַארְהֶערְלִיכְט׃

15 אָבֶּער לָאז קֵיינֶער פוּן אֵייךְ נִיט
לֵיידֶען וִויא אֵיין רוֹצֵחַ, אָדֶער וִויא אֵיין
גַנָב, אָדֶער וִויא אֵיינֶער וָואס טְהוּט
בֵּייז, אָדֶער וִויא אֵיינֶער וָואס מִישְׁט
זִיךְ אִין פְרֶעמְדֶע זַאכֶען׃

16 אָבֶּער וֶוען אֵיינֶער לֵיידֶעט וִויא
אֵיין קְרִיסְט, לָאז עֶר זִיךְ נִיט שֶׁעמֶען,
נֵייעֶרְט לָאז עֶר גָאט לוֹיבֶּען פַאר
דִיזֶער זַאךְ׃

17 וָוארִין דִיא צֵייט אִיז גֶעקוּמֶען
וֶוען דָאס מִשְׁפָּט וֶועט אָנְהֵייבֶּען אִין
דֶעם הוֹיז פוּן גָאט. אוּנְד וֶוען דָאס
מִשְׁפָּט וֶועט בֵּייא אוּנְס אָנְהֵייבֶּען,
וָואס וֶועט דֶער סוֹף זֵיין פוּן דִיא וָואס
גְלֵייבֶּען נִיט אִין דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם פוּן
גָאט?

18 אוּנְד וֶוען דֶער גֶערֶעכְטֶער וֶועט
קוֹים זֶעלִיג וֶוערֶען, וִויא וֶועט דֶער
גָאטְלָאזִינֶער אוּנְד דֶער זִינְדֶער אַהִינְ־
קוּמֶען?

19 דָארוּם דִיא וָואס לֵיידֶען נָאךְ
דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט, לָאזֶען זֵייא
אִיהְם אִיבֶּערְגֶעבֶּען זֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת מִיט
גוּטֶעס טְהוּן, וִויא צוּ אֵיין גֶעטְרֵייעֶן
בֶּעשֶׁעפֶער׃

## קאפיטעל ה

1 אִיךְ בֶּעט דִיא זְקֵנִים וָואס זֶענֶען
צְווִישֶׁען אֵייךְ, וָואס אִיךְ בִּין אוֹיךְ אֵיין
זָקֵן וִויא זֵייא, אוּנְד אֵיין עֵדוּת פוּן
דִיא לֵיידֶען פוּן יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאבּ אוֹיךְ
אֵיין טֵייל אִין דֶער הֶערְלִיכְקֵייט וָואס
וֶועט אַנְטפְּלֶעקְט וֶוערֶען׃

2 ווַייטֶעט דִיא שָׁאף פוּן גָאט וָואס
זֶענֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד הָאט דִיא
אוֹיפְזִיכְט נִיט וִויא גֶעצְווִינְגֶען, נֵייעֶרְט
פוּן אֵייעֶר גוּטֶען ווִילֶען; נִיט פַאר
שֶׁענְדְלִיכֶען גֶעווִינְסְט, נֵייעֶרְט מִיט אֵיין
אוֹיפְרִיכְטִיג הַארְץ׃

3 אוּנְד זֵייט נִיט וִויא דִיא וָואס
הֶערְשֶׁען אִיבֶּער דֶער עֶרְבְשַׁאפְט,
נֵייעֶרְט זֵייט אֵיין בֵּיישְׁפִּיל צוּ דִיא
שָׁאף׃

4 אוּנְד וֶוען דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הִירְט
וֶועט אַנְטפְּלֶעקְט וֶוערֶען, וֶועט אִיהְר
אַנְטפַאנְגֶען אֵיינֶע קְרוֹין פוּן הֶערְלִיכְ־
קֵייט וָואס וֶועט נִיט פַארְגֵיין׃

5 אַזוֹי אוֹיךְ אִיהְר יוּנְגֶע לֵייט, זֵייט
אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ דִיא זְקֵנִים; אוּנְד
זֵייט אִיטְלִיכֶער אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ דֶעם
אַנְדֶערְן, אוּנְד זֵייט בֶּעקְלֵיידֶעט מִיט
זַאנְפְמוּטִיגְקֵייט, וָוארִין גָאט אִיז קֶענֶען
דִיא הוֹיכְמוּטִיגֶען, אָבֶּער צוּ דִיא
זַאנְפְמוּטִיגֶען גֶעט עֶר גְנָאד׃

6 דָארוּם זֵייט דֶערְנִידֶערְט אוּנְטֶער
דֶער מֶעכְטִינֶער הַאנְד פוּן גָאט, כְּדֵי
עֶר זָאל אֵייךְ מִיט דֶער צֵייט דֶערְהֵייּ־
בֶּען׃

7 ווַארְפְט אַלֶע אֵייעֶרֶע זָארְגֶען אוֹיף
אִיהְם, וָוארִין עֶר זָארְגְט פַאר אֵייךְ׃

8 זֵייט נִיכְטֶערְן אוּנְד וַואכְט; וָוארִין
אֵייעֶר פֵיינְד דֶער שָׂטָן גֵייט אַרוּם וִויא
אֵיין בְּרוּמֶענְדִיגֶער לֵייבּ אוּנְד זוּכְט
וֶועמֶען עֶר זָאל אֵיינְשְׁלִינְגֶען׃

9 זֶענְצְט אֵייךְ אִיהְם דֶערְווִידֶער מִיט
פֶעסְטִינְקֵייט אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען, וִויא

אִיהְר ווַייסְט אַז דִיא זֶעלְבִּיגֶע לֵיידֶען
זֶענֶען דֶערְפִילְט אִין אֵיירֶע בְּרִידֶער
וָואס זֶענֶען אִין דֶער וֶועלְט׃
10 אוּנְד דֶער גָאט פוּן אַלֶער גְנָאד,
וָואס הָאט אוּנְס בֶּערוּפֶען צוּ זַיין אֵייר־
בִּיגֶער הֶערְלִיכְקֵייט אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ,
וֶועט אֵייךְ שְׁטַארְקֶען נָאךְ דֶעם וֶוען
אִיהְר הָאט אַבִּיסֶעל גֶעלִיטֶען, אוּנְד
עֶר וֶועט אֵייךְ בֶּעפֶעסְטִיגֶען אוּנְד
קְרֶעפְטִיגֶען אוּנְד גְרִינְדֶען׃
11 צוּ אִיהְם אִיז דֶער כָּבוֹד אוּנְד דִיא
קְרַאפְט פוּן אֵייבִּיגְקֵייט, אָמֵן׃
12 אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיבֶּען ווֵיינִיג ווֶערְ־
טֶער דוּרְךְ סִלְוָנוּס אֵייעֶר גֶעטְרֵייעֶר
בְּרוּדֶער, ווִיא אִיךְ הָאבּ גֶעדֶענְקְט;
אוּנְד אִיךְ טְהוּא וָוארְנֶען אוּנְד בֶּעצֵייר־
גֶען אַז דָאס אִיז דִיא וָואהְרֶע גְנָאד
פוּן גָאט וָואס אִיהְר שְׁטֵייט דְרִינֶען׃
13 דִיא גֶעמֵיינְדֶע וָואס אִיז אִין בָּבֶל
וָואס אִיז מִיט אֵייךְ אוֹיסְדֶערְווֵיילְט,
אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ מֵיין זוּהְן מַרְקוּס׃
14 גְרִיסְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן מִיט
אֵיין קִישׁ פוּן לִיבְּשַׁאפְט. שָׁלוֹם זַייא
מִיט אֵייךְ אַלֶע וָואס זֶענֶען אִין יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ, אָמֵן׃

# דֶער צְווֵייטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פֶּעטְרוּס.

1 שִׁמְעוֹן פֶּטְרוּס, אֵיין קְנֶעכְט אוּנְד
אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, צוּ
דִיא וָואס הָאבֶּען אַנְטְפַאנְגֶען אֵיין
טֵייעֶרֶען גְלוֹיבֶּען אַזוֹי ווִיא מִיר, דוּרְךְ
דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן אוּנְזֶער גָאט
אוּנְד הֶעלְפֶער יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ׃
2 גְנָאד אוּנְד פְרִידֶען זָאל זִיךְ צוּ אֵייךְ
מֶעהְרֶען דוּרְךְ דֶער ווִיסֶענְשַׁאפְט פוּן
גָאט, אוּנְד פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ׃
3 אַזוֹי ווִיא זַיינֶע גֶעטְלִיכֶע מַאכְט
הָאט אוּנְס גֶעשֶׁענְקְט אַלֶעס וָואס
קֶעהְר צוּ דֶעם לֶעבֶּען אוּנְד צוּ
פְרוּמְקֵייט, דוּרְךְ דֶער ווִיסֶענְשַׁאפְט פוּן
אִיהְם וָואס הָאט אוּנְס בֶּערוּפֶען מִיט
הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד גוּטִיגְקֵייט׃
4 דוּרְךְ ווֶעמֶען עֶס אִיז אוּנְס גֶעגֶעבֶּען
זֶעהְר גְרוֹיסֶע אוּנְד טֵייעֶרֶע הַבְטָחוֹת,
אַז אִיהְר זָאלְט דָאדוּרְךְ הָאבֶּען אֵיין
טֵייל אִין דֶער גֶעטְלִיכֶער נַאטוּר, אוּנְד
זָאלְט אַנְטְרִינֶען פוּן דִיא פַארְדַארְבֶּענִיס
וָואס אִיז אִין דֶער ווֶעלְט דוּרְךְ דֶער
גְלוּסְטִיגְקֵייט׃
5 אוּנְד חוּץ דֶעם בֶּעפְלֵייסִיגְט אֵייךְ
זֶעהְר אוּנְד טְהוּט פְרוּמִיגְקֵייט צוּ אֵייעֶר
גְלוֹיבֶּען, אוּנְד צוּ דֶער פְרוּמִיגְקֵייט
ווִיסֶענְשַׁאפְט׃



אונד

6 אוּנְד צוּ דֶער וִויסֶענְשַׁאפְט מֶעֶ־
סִיגְקַייט, אוּנְד צוּ מֶעסִיגְקַייט גֶעדוּלְד,
אוּנְד צוּ דֶער גֶעדוּלְד גָאטֶעס־פוּרְכְט:
7 אוּנְד צוּ דֶער גָאטֶעס־פוּרְכְט בְּרִי־
דֶערְשַׁאפְט, אוּנְד צוּ דֶער בְּרִידֶערְ־
שַׁאפְט לִיבְּשַׁאפְט:
8 וָוארִין וֶוען דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען אִין
אֵייךְ אוּנְד מֶעהְרֶען זִיךְ אַזוֹי וֶועלֶען
זַייא אֵייךְ נִיט לָאזֶען פוֹיל זַיין, אוּנְד
נִיט זַיין אָהְן פְרוּכְט אִין דֶער וִויסֶענְ־
שַׁאפְט פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:
9 אָבֶּער דֶער וָואס הָאט נִיט דִיזֶע
זַאכֶען אִיז בְּלִינְד, אוּנְד זַיינֶע אוֹיגֶען
זֶענֶען פַארבְּלֶענְדֶעט, אוּנְד עֶר הָאט
פַארְגֶעסֶען אַז עֶר וַואר גֶערֵיינִיגְט פוּן
זַיינֶע אַלְטֶע זִינְדֶען:
10 דְרוּם בְּרִידֶער, בֶּעפְלֵייסִיגְט אֵייךְ
בֶּעסֶער אַז אִיהְר זָאלְט פַארְזִיכֶערֶען
אֵיירֶע בֶּערוּפוּנְג אוּנְד אוֹיסְדֶערְוֶועהלוּנְג,
וָוארִין וֶוען אִיהְר וֶועט דִיזֶעס טְהוּן
אַזוֹי וֶועט אִיהְר קֵיין מָאל נִיט שְׁטְרוֹיכְ־
לֶען:
11 וָוארִין אַזוֹי וֶועט אֵייךְ רֵייכְלִיךְ
גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אֵיין אֵיינְגַאנְג צוּם
אֵייבִּיגֶען קֶענִיגְרֵייךְ פוּן אוּנְזֶער הַאר
אוּנְד הֶעלְפֶער יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:
12 דָארוּם וִויל אִיךְ נִיט אוֹיפְהֶערֶען
אֵייךְ תָּמִיד צוּ דֶערְמָאנֶען וֶועגֶען דִיזֶע
זַאכֶען, חָאטְשֶׁע אִיהְר קֶענְט זַייא אוּנְד
זֶענְט בֶּעפֶעסְטִיגְט אִין דִיזֶער וָוארְ־
הֵייט:
13 אוּנְד אִיךְ דֶענְק עֶס רֶעכְט, אַזוֹי
לַאנְג וִויא אִיךְ בִּין אִין דִיזֶען גֶעֶ־
צֶעלְט, אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ דֶערְוֶועקֶען
אוּנְד דֶערְמָאנֶען:
14 וַוייל אִיךְ וַויים אַז אִיךְ וֶועל
בַּאלְד אָפְּלֵייגֶען דִיזֶעס מֵיין גֶעצֶעלְט,
אַזוֹי וִויא אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ
הָאט מִיר גֶעוַוייזֶען:
15 אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ פְּלֵייסִיגֶען
אַז אִיהְר זָאלְט דִיזֶע זַאכֶען תָּמִיד
גֶעדֶענְקֶען נָאךְ מֵיין אַוֶועק גֵיין:
16 וָוארִין מִיר הָאבֶּען נִיט נָאכְגֶעֶ־
פָאלְגְט קֵיינֶע אוֹיסְגֶעטְרַאכְטֶע לִיגֶען
וֶוען מִיר הָאבֶּען אֵייךְ צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן
דִיא מַאכְט אוּנְד דָאס קוּמֶען פוּן
אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, נֵייעֶרְט
מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זַיינֶע גְדוּלָה מִיט
אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען:
17 וָוארִין עֶר הָאט אַנְטְפַאנְגֶען פוּן
גָאט דֶעם פָאטֶער כָּבוֹד אוּנְד לוֹיב,
וֶוען אֵיין זָאלְכֶעס קוֹל אִיז צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען פוּן דֶער הוֹיכֶער הֶערְלִיכְקֵייט,
דָאס אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן, אִין
וֶועלְכֶען עֶס אִיז מִיר וְואוֹיל גֶעפַאלֶען:
18 דִיזֶעס קוֹל הָאבֶּען מִיר גֶעהֶערְט
אַז עֶס אִיז גֶעקוּמֶען פוּן הִימֶעל, וֶוען
מִיר זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען אוֹיף
דֶעם הֵיילִיגֶען בַּארְג:
19 אוּנְד מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ דָאס וָוארְט
פוּן נְבוּאָה וָואס אִיז פֶעסְטֶער פוּן
דִיזֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט רֶעכְט טְהוּן
דְרוֹיף אַכְטוּנְג צוּ גֶעבֶּען, וִויא אוֹיף
אֵיין לִיכְט וָואס שֵׁיינְט אִין אֵיין פִינְסְטֶער
אָרְט, בִּיז דֶער טָאג וֶועט גְלִימֶערֶען
אוּנְד דֶער מָארְגֶען שְׁטֶערֶען וֶועט
שֵׁיינֶען אִין אֵיירֶע הֶערְצֶער:
20 אוּנְד דָאס זָאלְט אִיהְר צוּם
עֶרְשְׁטֶען וִויסֶען, אַז קֵיינֶע נְבוּאָה פוּן
דֶער שְׁרִיפְט קֶען נִיט הָאבֶּען אֵיינֶע
בֶּעזוּנְדֶערֶע אוֹיסְלֵייגוּנְג:
21 וָוארִין דִיא נְבוּאָה אִיז פַאר צֵייטֶען
נִיט גֶעקוּמֶען דוּרְךְ דֶעם וִוילֶען פוּן
מֶענְשֶׁען, נֵייעֶרְט דִיא הֵיילִיגֶע לֵייט פוּן

גָאט הָאבֶּען גֶערֶעט. אַזוי וויא דֶער רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ הָאט אוֹיף זֵייא גֶערוּהְט:

קאפִּיטעל ב

1 אוּנְד עֶס זֶענֶען אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען
פַאלְשֶׁע נְבִיאִים צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק,
אַזוי וויא עֶס וֶועלֶען אוֹיךְ זַיין צְווִישֶׁען
אֵייךְ פַאלְשֶׁע לֶעהְרֶערְס, וָואס וֶועלֶען
אַרַיין בְּרֶענְגֶען פַארדֶערְבְּלִיכֶע סֶעקְטֶען,
אוּנְד וֶועלֶען פַארְלֵייקֶענֶען דֶעם הַאר
וָואס הָאט זֵייא אָפְּגֶעקוֹיפְט, אוּנְד וֶוע־
לֶען אִיבֶּער זִיךְ בְּרֶענְגֶען אַ גֶעשְׁווינְדֶע
פַארְדַארְבֶּענִיש:
2 אוּנְד פִילֶע וֶועלֶען נָאכְפָאלְגֶען
זֵייעֶרֶע פַארְדָארְבֶּענֶע וֶועגֶען, אוּנְד דוּרְךְ
זֵייא וֶועט דֶער וֶועג פוּן וָואהְרְהֵייט
גֶעלֶעסְטֶערְט וֶוערֶען:
3 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אוּיס אֵייךְ אֵיין
הַאנְדֶעל מַאכֶען מִיט פַאלְשֶׁע רֵייד
דוּרְךְ גֵייצִיגְקֵייט; וָואס זֵייעֶר מִשְׁפָּט
פוּן לַאנְג זוֹימְט זִיךְ נִיט, אוּנְד זֵייעֶר
פֶערְשׁוּלְדִיגוּנְג דְרִימֶעלְט נִיט:
4 וָוארִין וֶוען גָאט הָאט נִיט פֶערְשׁוֹינְט
דִיא מַלְאָכִים וָואס הָאבֶען גֶעזִינְדִיגְט,
נֵייעֶרְט עֶר הָאט זֵייא אַרָאפְּגֶעוָוארְפֶען
אִין גֵיהִנֹּם אַרַיין, אוּנְד הָאט זֵייא
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין קֵייטֶען פוּן פִינְס־
טֶערְנִיס, כְּדֵי מֶען זָאל זֵייא בֶּעהַאלְטֶען
צוּ דֶעם מִשְׁפָּט:
5 אוּנְד עֶר הָאט נִיט פֶערְשׁוֹינְט דִיא
אַלְטֶע וֶועלְט, נֵייעֶרְט עֶר הָאט מַצִיל
גֶעוֶועזֶען נֹחַ דֶעם אַכְטֶען מֶענְשׁ וָואס
הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד
הָאט גֶעבְּרֶענְגְט דָאס מַבּוּל אִיבֶּער
דִיא גָאטְלוֹיזִיגֶע וֶועלְט:
6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אַשׁ גֶעמַאכְט
דִיא שְׁטֶעט פוּן סְדוֹם אוּנְד עֲמוֹרָה,
אוּנְד הָאט זֵייא פַארשׁוּלְדִיגְט אוּנְד
אִיבֶּערְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד הָאט זֵייא גֶע־
מַאכְט פַאר אֵיין בֵּיישְׁפִּיל צוּ דִיא
רְשָׁעִים וָואס וֶועלֶען נָאכְקוּמֶען:
7 אוּנְד עֶר הָאט מַצִיל גֶעוֶועזֶען דֶעם
גֶערֶעכְטֶען לוֹט, וָואס וַואר גֶעפְּלָאגְט
מִיט דֶעם פַארְשַׁייטֶען וַואנְדֶעל פוּן
דִיא רְשָׁעִים:
8 (וָוארִין דִיזֶער צַדִּיק וָואס הָאט
צְווִישֶׁען זֵייא גֶעוְואוֹינְט, וֶוען עֶר הָאט
גֶעזֶעהֶען אוּנְד גֶעהֶערְט זֵייעֶרֶע בֵּייזֶע
מַעֲשִׂים, אַזוי הָאט עֶס טֶעגְלִיךְ גֶע־
קְוֶועלְט זֵיינֶע גֶערֶעכְטֶע נְשָׁמָה):
9 דֶער הַאר וֵוייסְט דִיא פְרוּמֶע לֵייט
מַצִיל צוּ זַיין פוּן פְּרִיפוּנְגֶען, אוּנְד דִיא
רְשָׁעִים צוּ בֶּעהַאלְטֶען צוּ דֶעם יוֹם
הַדִּין, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען בֶּעשְׁטְרָאפְט
וֶוערֶען:
10 אוּנְד בֶּעזוּנְדֶערְס דִיא וָואס גֵיין
נָאךְ דִיא אוּמְרֵיינֶע גְלוּסְטִיגְקֵייט פוּן
דֶעם פְלֵיישׁ, אוּנְד וָואס פַארְשֶׁעמֶען
דִיא הֶערְשַׁאפְט; זֵייא זֶענֶען עַזֵּי פָּנִים
אוּנְד קְשֵׁי עוֹרֶף, אוּנְד פָארְכְטֶען זִיךְ
נִיט צוּ לֶעסְטֶערֶען דִיא הֶערְלִיכְקֵייט:
11 וֶוען מַלְאָכִים וָואס זֶענֶען גְרֶעסֶער
אִין קְרַאפְט אוּנְד אִין מַאכְט, בְּרֶענְגֶען
נִיט קֶעגֶען זֵייא קֵיין קְלָאג פוּן לֶעסְ־
טֶערוּנְג פַאר דֶעם הַאר:
12 אָבֶּער דִיזֶע, וויא נַאטוּרְלִיכֶע
אוּמְפַארְנוּנְפְטִיגֶע חַיּוֹת, וָואס זֶענֶען
גֶעבּוֹירֶען גֶעחַאפְּט צוּ וֶוערֶען אוּנְד
אוּמְגֶעבְּרַאכְט צוּ וֶוערֶען, לֶעסְטֶערֶען
דִיא זַאכֶען וָואס זֵייא פַארְשְׁטֵיין נִיט,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען פַארְלִירֶען וֶוערֶען
אִין זֵייעֶרֶע פַארְדַארְבֶּענִיש:
13 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אַנְטְפַאנְגֶען דֶעם
שָׂכָר פוּן אוּמְרֶעכְט, ווייל זֵייא הַאלְטֶען
עֶס פַאר אֵיין פַארְגֶענִיגֶען צוּ פְרַאסֶען

בַּייא טָאג ; זַייא זָענֶען פְלֶעקֶען אוּנְד מוּמִים, אוּנְד שְׁפִּילֶען זִיךְ מִיט זַייעֶר פַארְפִירֶענִים אוּנְד פְרֶעסֶען מִיט אֵייךְ :

14 זַייעֶרֶע אוֹיגֶען זָענֶען פוֹל מִיט אוּמְקֵיישְׁהַייט, אוּנְד קֶענֶען נִיט אוֹיפְהֶערֶען צוּ זִינְדִיגֶען, זַייא פַארְפִירֶען אוּמְבֶּעשְׁטֶענְדִיגֶע לֵייט, אוּנְד זַייעֶר הַארְץ אִיז גֶעהַר גֵייצִיג, אוּנְד זָענֶען פַארפְלוּכְטֶע קִינְדֶער :

15 וָואס הָאבֶּען פַארְלָאזֶען דֶעם רֶעכְטֶען וֶועג, אוּנְד זָענֶען פַארְפִירְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאבֶּען נָאכְגֶעפָאלְגְט דֶעם וֶועג פוּן בִּלְעָם זוּהְן פוּן בְּעוֹר, וָואס הָאט גֶעלִיבְּט דֶעם שְׂכַר פוּן אוּמְרֶעכְט :

16 אָבֶּער עֶר אִיז גֶעשְׁטְרָאפְט גֶעוָוארֶען פַאר זַיין אוּמְרֶעכְט, אוּנְד דֶער שְׁטוּמֶער אֵייזֶעל הָאט גֶערֶעט מִיט דֶעם קוֹל פוּן אֵיין מֶענְשׁ, אוּנְד הָאט פַארְמִיטֶען דִיא נַארִישְׁקֵייט פוּן דֶעם נָבִיא :

17 דִיזֶע זָענֶען בְּרוּנֶענְס אָהְן וַואסֶער, וָואלְקֶענְס וָואס וֶוערֶען אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען פוּן אֵיין שְׁטוּרֶעם־ווִינְד, אוּנְד דֶער גֶעפֶעל פוּן פִינְסְטֶערְנִיס אִיז פַאר זַייא בֶּעהַאלְטֶען אוֹיף אֵייבִּיג :

18 וָוארִין וֶוען זַייא רֶעדֶען הוֹיכֶע נַארִישְׁקֵייטֶען, אַזוֹי פַארְפִירֶען זַייא דוּרְךְ דִיא גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען פוּן דֶעם פְלֵייש אוּנְד דוּרְךְ אֵיין פַארְשַׁייט לֶעבֶּען דִיא וָואס זָענֶען גַאנְץ אַנְטְרִינֶען פוּן דִיא וָואס וַואנְדְלֶען אִין דֶעם טָעוּת :

19 ווַייל זַייא פַארְשְׁפְּרֶעכֶען זַייא פְרֵייהַייט, וֶוען זַייא זֶעלְבְּסְט זָענֶען דִיא קְנֶעכְט פוּן פַארְדַארְבֶּענִים ; וָוארִין פוּן דֶעם וָואס אֵיין מֶענְשׁ וֶוערְט בֵּייגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם אִיז עֶר אֵיין קְנֶעכְט :

20 וָוארִין נָאכְדֶעם ווִיא זַייא זָענֶען אַנְטְרִינֶען פוּן דִיא אוּמְרֵיינִיגְקֵייטֶען פוּן דֶער וֶועלְט דוּרְךְ דֶער ווִיסֶענְשַׁאפְט פוּן דֶעם הַאר אוּנְד הֶעלְפֶער יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אַזוֹי וֶוערֶען זַייא ווִידֶער פַארְווִיקֶעלְט אִין דִיזֶען אוּנְד וֶוערֶען בֵּייגֶעקוּמֶען אִין זַייעֶר עֶנְד עֶרְגֶער פוּן זַייעֶר אָנְפַאנְג :

21 וָוארִין עֶס הֶעט פַאר זַייא בֶּעסֶער גֶעוֶועזֶען וֶוען זַייא הֶעטֶען נִיט גֶעקֶענְט דֶעם וֶועג פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אֵיידֶער זַייא זָאלֶען עֶס קֶענֶען אוּנְד זָאלֶען זִיךְ ווִידֶערְקֶערֶען פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען גֶעבָּאט וָואס אִיז צוּ זַייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען :

22 אָבֶּער עֶס הָאט זִיךְ צוּ זַייא גֶעטְרָאפֶען דָאס וָואהְרֶע מָשָׁל, דֶער הוּנְט הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט צוּ דֶעם וָואס עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפִּיגֶען, אוּנְד דָאס חֲזִיר וָואס וַואר גֶעוַואשֶׁען וַואלְגֶערְט זִיךְ ווִידֶער אִין דֶעם שְׁמוּץ (דִיא בְּלָאטֶע) :

## קאפיטעל ג

1 גֶעלִיבְּטֶע דָאס אִיז שׁוֹין דֶער צְוֵוייטֶער בְּרִיף וָואס אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ, אִין וֶועלְכֶען אִיךְ דֶערְוֶועק אוּנְד דֶערְמָאהְן אֵייעֶר לוֹיטֶערֶען פַארשְׁטַאנְד :

2 אַז אִיהְר זָאלְט גֶעדֶענְקֶען דִיא רֵייד וָואס דִיא הֵיילִיגֶע נְבִיאִים הָאבֶּען פְרִיהֶער גֶעשְׁפְּרָאכֶען, אוּנְד דָאס גֶעבָּאט פוּן אוּנְס דִיא אַפָּאסְטֶעלְס פוּן דֶעם הַאר אוּנְד הֵיילַאנְד :

3 אוּנְד דָאס זָאלְט אִיהְר צוּם עֶרְשְׁטֶען ווִיסֶען, אַז אִין דִיא לֶעצְטֶע צֵייטֶען וֶועלֶען קוּמֶען שְׁפֶּעטֶערְס, וָואס גֵייעֶן נָאךְ זַייעֶרֶע אֵייגֶענֶע גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען :

4 אוּנְד וָואס זָאגֶען, וְואוּ אִיז דִיא הַבְטָחָה פוּן זַיין קוּמֶען ? וָוארִין זִינְט

דִיא אָבוֹת זֶענֶען אַנְטשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען בְּלֵייבְּט אַלֶעס אַזוֹי וִויא פוּן אָנְפַאנְג פוּן דֶעם בֶּעשֶׁעפֶּענִים׃

5 וָוארִין זֵייא פַארְגֶעסֶען דָאס מִיט ווילֶען, אַז דִיא הִימֶעלֶן זֶענֶען פוּן אַלְטֶע צֵייטֶען דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן גָאט, אוּנְד דִיא עֶרְד אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן דֶעם וַואסֶער אוּנְד אִין דֶעם וַואסֶער׃

6 דוּרְךְ וֶועלְכֶען דִיא וֶועלְט וָואס אִיז רֶענְסְמָאל גֶעוֶועזֶען אִיז פַארְלוֹירֶען גֶעוָוארֶען, וֶוען עֶס וַואר פַארפְלֵייצְט מִיט וַואסֶער׃

7 אָבֶּער דִיא הִימֶעלְן אוּנְד דִיא עֶרְד וָואס זֶענֶען אַצוּנְד וֶוערֶען בֶּעוָואהְרְט דוּרְךְ זֵיין וָוארְט, אוּנְד וֶוערֶען בֶּעהַאלְטֶען צוּם פֵייעֶר אוּנְד צוּם יוֹם הַדִין, וֶוען דִיא רְשָׁעִים וֶועלֶען פַארְלוֹירֶען וֶוערֶען׃

8 אוּנְד דָאס אֵיינֶע זָאלְט אִיהְר נִיט פַארְגֶעסֶען, גֶעלִיבְּטֶע, אַז אֵיין טָאג אִיז בֵּייא דֶעם הַאר וִויא טוֹיזֶענְד יָאהְר, אוּנְד טוֹיזֶענְד יָאהְר וִויא אֵיין טָאג׃

9 דֶער הַאר וֶועט זֵיינֶע הַבְטָחָה נִיט פַארשְׁפֶּעטִיגֶען, גֵייעֶרְט עֶר אִיז לַאנְגמוּטִיג קֶעגֶען אוּנְס אוּנְד עֶר וִויל נִיט הָאבֶּען אַז קֵיינֶער זָאל פַארְלוֹירֶען וֶוערֶען, גֵייעֶרְט אַז אַלֶע זָאלֶען זִיךְ אוּמְקֶערֶען צוּ תְּשׁוּבָה׃

10 אוּנְד דֶער טָאג פוּן דֶעם הַאר וֶועט קוּמֶען וִויא אֵיין גַנָב אִין דֶער נַאכְט; אוּנְד אִין דֶעם טָאג וֶועלֶען דִיא הִימֶלֶען פַארְגֵיין מִיט אֵיין רַעַשׁ, אוּנְד דִיא גְרוּנְדֶען וֶועלֶען פַארבְּרֶענְט וֶוערֶען אוּנְד צוּגֵיין, אוּנְד דִיא עֶרְד אוּנְד דִיא מַעֲשִׂים וָואס זֶענֶען דְרִינֶען וֶועלֶען פַארבְּרֶענְט וֶוערֶען׃

11 דְרוּם וֶוען דִיזֶעס אַלֶעס וֶועט צוּגֵיין, וָואס פַאר לֵייט קֶערְט אִיהְר צוּ זֵיין אִין אֵיין הֵיילִיגֶען וַואנְדֶעל אוּנְד אִין פְרוּמְקֵייט?

12 אִיהְר זָאלְט וַוארְטֶען אוּנְד זָאלְט אֵייךְ אֵיילֶען צוּם קוּמֶען פוּן דֶעם טָאג פוּן גָאט וֶוען דִיא הִימֶעלְן וֶועלֶען בְּרֶענֶען אוּנְד וֶועלֶען צוּגֵיין, אוּנְד דִיא גְרוּנְדֶען וֶועלֶען פַארבְּרֶענְט וֶוערֶען אוּנְד צוּשְׁמָאלְצֶען וֶוערֶען׃

13 אָבֶּער מִיר וַוארְטֶען נָאךְ זֵיינֶע הַבְטָחָה אוֹיף אֵיין נֵייעֶם הִימֶעל אוּנְד אֵיינֶע נֵייעֶ עֶרְד. וְואוּ עֶס וְואוֹינֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃

14 דְרוּם גֶעלִיבְּטֶע, וֶוען אִיהְר וַוארְט אוֹיף דִיזֶען, אַזוֹי בֶּעפְלֵייסִיגְט אֵייךְ אִיהְר זָאלְט גֶעפוּנֶען וֶוערֶען פָאר אִיהְם אִין פְרִידֶען, אוּמְבֶּעפְלֶעקְט אוּנְד אָהְן אֵיין מוּם׃

15 אוּנְד רֶעכֶענְט אַז דִיא לַאנְגמוּטִיגְקֵייט פוּן אוּנְזֶער הַאר אִיז אֵיינֶע יְשׁוּעָה; אַזוֹי וִויא אוּנְזֶער גֶעלִיבְּטֶער בְּרוּדֶער פּוֹלוֹס הָאט אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען נָאךְ דֶער חָכְמָה וָואס אִיז אִיהְם גֶעגֶעבֶּען׃

16 אַזוֹי וִויא אוֹיךְ אִין אַלֶע זֵיינֶע בְּרִיף, וויא עֶר רֶעט פוּן דִיזֶע זַאכֶען, אִין וֶועלְכֶע עֶס זֶענֶען עֶטְלִיכֶע זַאכֶען שְׁוֶוער צוּ פַארשְׁטֵיין, וָואס דִיא אוּמְגֶעלֶעהְרְטֶע אוּנְד אוּמְפַארשְׁטֶענְדִיגֶע פַארְדְרֵייעֶן, אַזוֹי אוֹיךְ וִויא דִיא אִיבְּרִיגֶע שְׁרִיפְטֶען, צוּ זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע פַארְדַארְבֶּענִים׃

17 דְרוּם אִיהְר גֶעלִיבְּטֶע, ווייל אִיהְר וֵוייסְט דִיזֶעס פוּן פְרִיעֶר, אַזוֹי הִיט אֵייךְ אַז אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ נִיט פַארְפִיהְרְט וֶוערֶען אִין דֶעם טָעוּת פוּן

בַּיינֶע לֵייט, אוּנְד זָאלְט נִיט אַוֶועקְפַאלֶען פוּן אֵייעֶרֶע בֶּעשְׁטֶענְדִיגְקֵייט ׃
18 גֵייעֶרְט וַואקְסְט אִין דֶער גְנָאד אוּנְד אִין דֶער וִויסֶענְשַׁאפְט פוּן אוּנְזֶער הַאר אוּנְד הֵיילַאנְד יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ ; צוּ אִיהְם אִיז דֶער כָּבוֹד אַצוּנְד אוּנְד אוֹיף אֵייבִּיגֶע צֵייטֶען, אָמֵן ׃

# דֶער עֶרשְׁטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם

# אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) יוֹחָנָן.

1 דָאס וָואס וַואר פוּן אָנְפַאנְג, וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען, וָואס מִיר הָאבֶּען בֶּעטְרַאכְט, אוּנְד וָואס אוּנְזֶערֶע הֶענְד הָאבֶּען גֶעפִּיהלְט וֶועגֶען דֶעם וָוארְט פוּן לֶעבֶּען ׃
2 (וָוארִין דָאס לֶעבֶּען אִיז אַנְטפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אוּנְד בֶּעצֵייגֶען, אוּנְד הָאבֶּען אֵייךְ גֶעוִויזֶען דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען בַּייא דֶעם פָאטֶער אוּנְד אִיז צוּ אוּנְס אַנְטפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען) ׃
3 וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אוּנְד גֶעהֶערְט דֶערְצֵיילֶען מִיר אֵייךְ, אַז אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ גֶעמֵיינְשַׁאפְט הָאבֶּען מִיט אוּנְס, אוּנְד אוּנְזֶערֶע גֶעמֵיינְשַׁאפְט אִיז מִיט דֶעם פָאטֶער אוּנְד מִיט זֵיין זוּהְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ ׃
4 אוּנְד דָאס שְׁרֵייבֶּען מִיר צוּ אֵייךְ, אַז אוּנְזֶערֶע פְרֵייד זָאל דֶערְפִילְט זֵיין ׃
5 אוּנְד דָאס אִיז דָאס שְׁלִיחוּת וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט פוּן אִיהְם אוּנְד זָאגֶען עֶס צוּ אֵייךְ, אַז גָאט אִיז לִיכְט, אוּנְד אִין אִיהְם אִיז גָאר נִיט קֵיינֶע פִינְסְטֶערְנִיס ׃
6 וֶוען מִיר זָאגֶען אַז מִיר הָאבֶּען גֶעמֵיינְשַׁאפְט מִיט אִיהְם, אוּנְד מִיר גֵייעֶן אַרוּם אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אַזוֹי זָאגֶען מִיר לִיגֶען אוּנְד טְהוּן נִיט דִיא וָואהְרְהֵייט ׃
7 אָבֶּער וֶוען מִיר וַואנְדְלֶען אִין דֶעם לִיכְט אַזוֹי וִויא עֶר אִיז אִין דֶעם לִיכְט אַזוֹי הָאבֶּען מִיר גֶעמֵיינְשַׁאפְט אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערָן, אוּנְד דָאס בְּלוּט פוּן זֵיין זוּהְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ רֵיינִיגְט אוּנְס פוּן אַלֶע זִינְד ׃
8 וֶוען מִיר זָאגֶען אַז מִיר הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע זִינְד אַזוֹי פֶערְפִיהְרֶען מִיר זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אוּנְד דִיא וָואהְרְהֵייט אִיז נִיט אִין אוּנְס ׃
9 וֶוען מִיר בֶּעקֶענֶען אוּנְזֶערֶע זִינְדֶען, אַזוֹי אִיז עֶר גֶעטְרֵייא אוּנְד גֶערֶעכְט אַז עֶר זָאל אוּנְס דִיא זִינְדֶען פַארְגֶעבֶּען, אוּנְד זָאל אוּנְס רֵיינִיגֶען פוּן אַלֶעם אוּמְרֶעכְט ׃
10 וֶוען מִיר זָאגֶען אַז מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעזִינְדִיגְט, אַזוֹי מַאכֶען מִיר אִיהְם פַאר אַיין לִיגְנֶער, אוּנְד זֵיין וָוארְט אִיז נִיט אִין אוּנְס ׃

קאפיטעל ב

1 מֵיינֶע קִינְדֶער, דָאס דָאזִיגֶע שְׁרֵייבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט

זִינְדִיגֶען, אוּנְד וָוען אֵיינֶער זִינְדִיגְט,
אַזוֹי הָאבֶּען מִיר אֵיין מֵלִיץ בֵּייא דֶעם
פָאטֶער, יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דֶער גֶערֶעכְטֶער׃
2 אוּנְד עֶר אִיז אֵיין אוֹיסְדֶערְלֵייזוּנְג
פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְדֶען, אוּנְד נִיט פַאר
אוּנְזֶערֶע זִינְדֶען אַלֵיין, נֵייעֶרְט אוֹיךְ
פַאר דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט׃
3 אוּנְד בֵּייא דִיזֶען ווִיסֶען מִיר אַז
מִיר קֶענֶען אִיהְם, וָוען מִיר הַאלְטֶען
זֵיינֶע מִצְוֹת׃
4 דֶער וָואס זָאגְט, אִיךְ קֶען אִיהְם,
אוּנְד הַאלְט נִיט זֵיינֶע מִצְוֹת, דֶער אִיז
אֵיין לִיגְנֶער, אוּנְד דִיא וָואהְרְהֵייט אִיז
נִיט אִין אִיהְם׃
5 אָבֶּער דֶער וָואס וֶועט הַאלְטֶען
זֵיין וָוארְט, אַזוֹי אִיז דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן
גָאט וָוארְהַאפְטִיג אִין אִיהְם דֶערְפִילְט
גֶעוָואָרֶען, בֵּייא דִיזֶען ווִיסֶען מִיר אַז
מִיר זֶענֶען אִין אִיהְם׃
6 דֶער וָואס זָאגְט אַז עֶר בְּלֵייבְּט אִין
אִיהְם, דֶער קֶעהְר זֶעלְבְּסְט אַזוֹי צוּ
וַואנְדְלֶען ווִיא עֶר הָאט גֶעוַואנְדֶעלְט׃
7 בְּרִידֶער, אִיךְ שְׁרֵייבּ אֵייךְ נִיט
קֵיינֶע נֵייעֶ מִצְוָה, נֵייעֶרְט אֵיינֶע אַלְטֶע
מִצְוָה וָואס אִיהְר הָאט גֶעהַאט פוּן
אָנְפַאנְג, דָאס אַלְטֶע גֶעבָּאט אִיז דָאס
וָוארְט וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט פוּן
אָנְפַאנְג׃
8 אוּנְד ווִידֶער אֵיין נֵייעֶס גֶעבָּאט
שְׁרֵייבּ אִיךְ אֵייךְ, וָואס אִיז וָואהְר אִין
אִיהְם אוּנְד אִין אֵייךְ, אַז דִיא פִינְסְ־
טֶערְנִיס אִיז פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
דָאס אֱמֶתֶע לִיכְט שֵׁיינְט אַצוּנְד׃
9 דֶער וָואס זָאגְט אַז עֶר אִיז אִין דֶעם
לִיכְט, אוּנְד הַאסְט זֵיין בְּרוּדֶער, אִיז
אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס בִּיז אַצוּנְד׃
10 דֶער וָואס לִיבְּט זֵיין בְּרוּדֶער
בְּלֵייבְּט אִין דֶעם לִיכְט, אוּנְד עֶס אִיז
קֵיינֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְג נִיט אִין אִיהְם׃
11 אָבֶּער דֶער וָואס הַאסְט זֵיין בְּרוּדֶער
אִיז אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס אוּנְד וַואנְ־
דֶעלְט אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס אוּנְד
ווֵייסְט נִיט ווְאוּ אַהִין עֶר גֵייט, וָוארִין
דִיא פִינְסְטֶערְנִיס הָאט זֵיינֶע אוֹיגֶען
בְּלִינְד גֶעמַאכְט׃
12 אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ קִינְדֶער, ווֵייל
אֵיירֶע זִינְדֶען זֶענֶען פַארְגֶעבֶּען פוּן זֵיין
נָאמֶענְס וֶועגֶען׃
13 אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ פֶעטֶער, ווֵייל
אִיהְר הָאט אִיהְם גֶעקֶענְט וָואס אִיז פוּן
אָנְפַאנְג, אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ יוּנְגֶע
לֵייט, ווֵייל אִיהְר הָאט בֵּייגֶעקוּמֶען דֶעם
בֵּייזֶען, אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ קְלֵיינֶע
קִינְדֶער, ווֵייל אִיהְר הָאט גֶעקֶענְט דֶעם
פָאטֶער׃
14 אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיבֶּען צוּ אֵייךְ
פֶעטֶער, ווֵייל אִיהְר הָאט אִיהְם גֶע־
קֶענְט וָואס אִיז פוּן אָנְפַאנְג, אִיךְ הָאבּ
גֶעשְׁרִיבֶּען צוּ אֵייךְ יוּנְגֶע לֵייט, ווֵייל
אִיהְר זֶענְט שְׁטַארְק, אוּנְד דָאס וָוארְט
פוּן גָאט בְּלֵייבְּט אִין אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר
הָאט בֵּייגֶעקוּמֶען דֶעם בֵּייזֶען׃
15 לִיבְּט נִיט דִיא וֶועלְט, אוֹיךְ נִיט
דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען אִין דֶער וֶועלְט,
וָוען אֵיינֶער לִיבְּט דִיא וֶועלְט אַזוֹי אִיז
דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן דֶעם פָאטֶער נִיט
אִין אִיהְם׃
16 וָוארִין אַלֶעס וָואס אִיז אִין דֶער
וֶועלְט, דִיא גְלוּסְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם
פְלֵייש, אוּנְד דִיא גְלוּסְטִיגְקֵייט פוּן דִיא
אוֹיגֶען, אוּנְד דִיא הוֹיכְמִיטִיגְקֵייט פוּן
דֶעם לֶעבֶּען, אִיז נִיט פוּן דֶעם פָאטֶער,
נֵייעֶרְט עֶס אִיז פוּן דֶער וֶועלְט׃
17 אוּנְד דִיא וֶועלְט גֵייט פַארְבֵּייא,

אוּנְד דִיא גְלוּסְטִינְקֵייט דֶערְפוּן, אָבֶּער
דֶער וָואס טְהוּט דֶען ווִילֶען פוּן גָאט
בְּלֵייבְּט אוֹיף אֵייבִּיג׃
18 מֵיינֶע קִינְדֶער עֶס אִיז דִיא לֶעצְטֶע
צֵייט, אוּנְד וִויא אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט
אַז דֶער וָואס אִיז קֶעגֶען דֶעם מָשִׁיחַ
קוּמְט, שׁוֹין יֶעצְט זֶענֶען דָא פִילֶע
זָאלְכֶע. אוּנְד דָארוּם ווִיסֶען מִיר אַז עֶס
אִיז דִיא לֶעצְטֶע צֵייט׃
19 זֵייא זֶענֶען פוּן אוּנְס אַרוֹיסְגֶעגַאנְ־
גֶען, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶערְט
צוּ אוּנְס, וָוארִין וֶוען זֵייא הֶעטֶען גֶע־
קֶערְט צוּ אוּנְס הֶעטֶען זֵייא מִיט אוּנְס
גֶעבְּלִיבֶּען, אָבֶּער כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אַנְט־
פְּלֶעקְט ווֶערֶען, אַז זֵייא קֶערֶען נִיט
אַלֶע צוּ אוּנְס׃
20 אוּנְד אִיהְר הָאט אֵיינֶע זַאלְבּוּנְג פוּן
דֶעם הֵיילִיגֶען, אוּנְד אִיהְר ווֵייסְט אַלֶעס׃
21 אִיךְ הָאבּ נִיט צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען
ווֵייל אִיהְר ווֵייסְט נִיט דִיא וָוארְהֵייט,
נֵייעֶרְט ווֵייל אִיהְר ווֵייסְט עֶס, אוּנְד
ווֵייל קֵיינֶע לִיגֶען אִיז נִיט פוּן דֶער
וָוארְהֵייט׃
32 ווֶער אִיז אֵיין לִיגְנֶער ווֶען נִיט
דֶער וָואס לֵייקֶענְט אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער
מָשִׁיחַ? דִיזֶער אִיז אַנְטִיקְרִיסְט, וָואס לֵיי־
קֶענְט אָפּ דֶעם פָאטֶער אוּנְד דֶעם זוּהְן׃
23 אִיטְלֶעכֶער וָואס לֵייקֶענְט אָפּ דֶעם
זוּהְן הָאט דֶעם פָאטֶער אוֹיךְ נִיט אָבֶּער
ווֶער דֶעם זוּהְן בֶּעקֶענְט דֶער הָאט
אוֹיךְ דֶעם פָאטֶער)׃
24 דְרוּם לָאז דָאס אִין אֵייךְ בְּלֵייבֶּען
וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט פוּן אָנְפַאנְג;
ווֶען דָאס וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט
פוּן אָנְפַאנְג ווֶעט אִין אֵייךְ בְּלֵייבֶּען,
אַזוֹי ווֶעט אִיהְר אוֹיךְ בְּלֵייבֶּען אִין דֶעם
זוּהְן אוּנְד אִין דֶעם פָאטֶער׃
25 אוּנְד דָאס אִיז דִיא הַבְטָחָה וָואס
עֶר הָאט אוּנְס צוּגֶעזָאגְט, דָאס אֵייבִּיגֶע
לֶעבֶּען׃
26 דִיזֶעס הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען
ווֶעגֶען דִיא וָואס פַארְפִיהְרֶען אֵייךְ׃
27 אָבֶּער דִיא זַאלְבּוּנְג וָואס אִיהְר
הָאט פוּן אִיהְם אַנְטפַאנְגֶען בְּלֵייבְּט
אִין אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר בֶּעדַארְפְט נִיט
אַז אִימֶעצֶער זָאל אֵייךְ לֶעהְרֶען; נֵיי־
עֶרְט אַזוֹי וִויא דִיא זַאלְבּוּנְג לֶעהְרְט
אֵייךְ ווֶעגֶען אַלֶעס אַזוֹי אִיז עֶס וָואהְר
אוּנְד אִיז נִיט קֵיין לִיגֶען, אוּנְד אַזוֹי
וִויא זִיא הָאט אֵייךְ גֶעלֶעהְרְט ווֶעט
אִיהְר דֶערְבֵּייא בְּלֵייבֶּען׃
28 אוּנְד אַצוּנְד קִינְדֶער בְּלֵייבְּט אִין
אִיהְם, כְּדֵי ווֶען עֶר ווֶעט אַנְטפְּלֶעקְט
ווֶערֶען זָאלֶען מִיר הָאבֶּען פְרֵייהֵייט,
אוּנְד זָאלֶען נִיט פַארְשֶׁעמְט ווֶערֶען
פַאר אִיהְם ווֶען עֶר ווֶעט קוּמֶען׃
29 ווֶען אִיהְר ווֵייסְט אַז עֶר אִיז
גֶערֶעכְט, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר ווִיסֶען אַז
אִיטְלִיכֶער וָואס טְהוּט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן אִיהְם׃

קאפיטעל ג

1 זֶעהְט וָואס פַאר אֵיינֶע לִיבְּשַׁאפְט
דֶער פָאטֶער הָאט אוּנְס גֶעגֶעבֶּען, אַז
מִיר זָאלֶען הֵייסֶען דִיא קִינְדֶער פוּן
גָאט; דָארוּם קֶען אוּנְס דִיא ווֶעלְט
נִיט, ווֵייל זִיא קֶען אִיהְם נִיט׃
2 גֶעלִיבְּטֶע, אַצוּנְד זֶענֶען מִיר קִינְדֶער
פוּן גָאט, אוּנְד עֶס אִיז נָאךְ נִיט אַנְט־
פְּלֶעקְט וָואס מִיר ווֶעלֶען זֵיין, אָבֶּער
מִיר ווִיסֶען אַז ווֶען עֶר ווֶעט אַנְט־
פְּלֶעקְט ווֶערֶען אַזוֹי ווֶעלֶען מִיר גְלֵייךְ
זֵיין צוּ אִיהְם, וָוארִין מִיר ווֶעלֶען אִיהְם
זֶעהֶען אַזוֹי וִויא עֶר אִיז׃
3 אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט דִיזֶע

הָאפְנוּנְג אִין זִיךְ, רֵיינִיגְט זִיךְ אַזוֹי וִויא עֶר אִיז רֵיין׃

4 דֶער וָואס זִינְדִיגְט הָאט אוֹיךְ אוּמְרֶעכְט, אוּנְד דִיא זִינְד אִיז אוּמְרֶעכְט׃

5 אוּנְד אִיהְר ווייסְט אַז עֶר אִיז אַנְטפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען אַז עֶר זָאל אוּנְזֶערֶע זִינְדֶען אַוֶועקְנֶעמֶען, אוּנְד אִין אִיהְם אִיז נִיט קֵיינֶע זִינְד נִיט׃

6 דֶער וָואס בְּלֵייבְּט אִין אִיהְם זִינְדִיגְט נִיט, אִיטְלִיכֶער וָואס זִינְדִיגְט הָאט אִיהְם נִיט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט׃

7 קִינְדֶער, לָאז אֵייךְ קֵיינֶער נִיט פַארְפִיהְרֶען, דֶער וָואס טְהוּט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז גֶערֶעכְט, אַזוֹי וִויא עֶר אִיז גֶערֶעכְט׃

8 דֶער וָואס טְהוּט זִינְדִיגֶען אִיז פוּן דֶעם שָׂטָן, וָוארִין דֶער שָׂטָן זִינְדִיגְט פוּן אָנְפַאנְג; פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז דֶער זוּהְן פוּן גָאט אַנְטפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, כְּדֵי עֶר זָאל פַארְשְׁטֶעהְרֶען דִיא מַעֲשִׂים פוּן דֶעם שָׂטָן׃

9 אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן גָאט טְהוּט נִיט זִינְדִיגֶען, וָוארִין זֵיין זָאמֶען בְּלֵייבְּט אִין אִיהְם, אוּנְד עֶר קָען נִיט זִינְדִיגֶען, ווייל עֶר אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן גָאט׃

10 דוּרְךְ דִיזֶען זֶענֶען אַנְטפְּלֶעקְט דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם שָׂטָן, אִיטְלִיכֶער וָואס טְהוּט נִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז נִיט פוּן גָאט, אוּנְד דֶער וָואס לִיבְּט נִיט זֵיין בְּרוּדֶער׃

11 וָוארִין דָאס אִיז דָאס גֶעבָּאט וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט פוּן אָנְפַאנְג, אַז מִיר זָאלֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען׃

12 נִיט אַזוֹי וִויא קַיִן וָואס ווַאר פוּן דֶעם בֵּייזֶען, אוּנְד הָאט זֵיין בְּרוּדֶער אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד וָוארוּם הָאט עֶר אִיהְם אוּמְגֶעבְּרַאכְט? ווייל זֵיינֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען בֵּייז גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דִיא מַעֲשִׂים פוּן זֵיין בְּרוּדֶער זֶענֶען גֶערֶעכְט גֶעוֶועזֶען׃

13 וְואוּנְדֶערְט אֵייךְ נִיט, מֵיינֶע בְּרִידֶער, וֶוען דִיא וֶועלְט הַאסְט אֵייךְ׃

14 מִיר ווִיסֶען אַז מִיר זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם טוֹיט צוּם לֶעבֶּען, ווייל מִיר לִיבֶּען דִיא בְּרִידֶער, דֶער וָואס לִיבְּט נִיט זֵיין בְּרוּדֶער בְּלֵייבְּט אִין דֶעם טוֹיט׃

15 אִיטְלִיכֶער וָואס הַאסְט זֵיין בְּרוּדֶער אִיז אֵיין רוֹצֵחַ; אוּנְד אִיהְר ווייסְט אַז קֵיין רוֹצֵחַ הָאט נִיט דָאס אֵייבִּיגֶע לֶעבֶּען אִין אִיהְם בְּלֵייבֶּען׃

16 בֵּייא דִיזֶען דֶערְקֶענֶען מִיר דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן גָאט, ווייל עֶר הָאט פַאר אוּנְס זֵיין לֶעבֶּען אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט; אוּנְד מִיר קֶערֶען אוֹיךְ אוּנְזֶער לֶעבֶּען אַנִידֶער צוּ לֵייגֶען פַאר דִיא בְּרִידֶער׃

17 אָבֶּער דֶער וָואס הָאט דִיא גִיטֶער פוּן דִיזֶער וֶועלְט, אוּנְד זֶעהְט אַז זֵיין בְּרוּדֶער הָאט נוֹיט, אוּנְד פַארְשְׁלִיסְט זֵיין הַארְץ קֶעגֶען אִיהְם, וִויא אַזוֹי וְואוֹינְט דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן גָאט אִין אִיהְם׃

18 מֵיינֶע קִינְדֶער, לָאזֶען מִיר נִיט לִיבֶּען מִיט רֵייד אוּנְד נִיט מִיט דֶער צוּנְג, נֵייעֶרְט אִין וֶוערְק אוּנְד אִין וָואהְרְהֵייט׃

19 אוּנְד בֵּייא דִיזֶען ווִיסֶען מִיר אַז מִיר זֶענֶען אִין דִיא וָוארְהֵייט, אוּנְד מִיר וֶועלֶען אוּנְזֶער הַארְץ פַארְזִיכֶערֶען פַאר אִיהְם׃

20 וָוארִין וָוען אוּנְזֶער הַארְץ פַּאר־
שׁוּלְדִיגְט אוּנְס, אַזוֹי אִיז גָאט גְרֶעסֶער
פוּן אוּנְזֶער הַארְץ, אוּנְד עֶר וֵוייסְט
אַלֶעס׃
21 גֶעלִיבְּטֶע, וָוען אוּנְזֶער הַארְץ פַּאר־
שׁוּלְדִיגְט אוּנְס נִיט, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר
אֵיינֶע פַארְזִיכֶערוּנְג צוּ גָאט׃
22 אוּנְד וָואס מִיר בֶּעטֶען אַנְטְפַּאנְ־
גֶען מִיר פוּן אִיהְם, ווייל מִיר הַאלְטֶען
זֵיינֶע מִצְוֹת, אוּנְד טְהוּן דָאס וָואס אִיז
אִיהְם וְואויל גֶעפַאלֶען׃
23 אוּנְד דָאס אִיז זֵיין גֶעבָּאט, אַז מִיר
זָאלֶען גְלֵייבֶּען אִין דֶעם נָאמֶען פוּן זֵיין
זוּהְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְד זָאלֶען אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערְן לִיבֶּען, אַזוֹי וִויא עֶר
הָאט אוּנְס גֶעבָּאטֶען׃
24 אוּנְד דֶער וָואס הַאלְט זֵיינֶע מִצְוֹת
בְּלֵייבְּט אִין אִיהְם, אוּנְד עֶר אִין אִיהְם;
אוּנְד בֵּייא דִיזֶען וִויסֶען מִיר אַז עֶר
וְואוֹינְט אִין אוּנְס, דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט
וָואס עֶר הָאט אוּנְס גֶעגֶעבֶּען׃

קאפיטעל ד

1 גֶעלִיבְּטֶע, גְלֵייבְּט נִיט אִיטְלִיכֶען
גֵייסְט, נֵייעֶרְט פְּרִיפְט דִיא גֵייסְטֶער
אוֹיבּ זֵייא זֶענֶען פוּן גָאט, וָוארִין פִילֶע
פַאלְשֶׁע נְבִיאִים זֶענֶען אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיין׃
2 בֵּייא דִיזֶען זָאלְט אִיהְר קֶענֶען דֶעם
גֵייסְט פוּן גָאט, אִיטְלִיכֶער גֵייסְט וָואס
בֶּעקֶענְט אַז יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אִיז גֶעקוּמֶען
אִין דֶעם פְלֵיישׁ, אִיז פוּן גָאט׃
3 אוּנְד אִיטְלִיכֶער גֵייסְט וָואס בֶּע־
קֶענְט נִיט אַז יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אִיז גֶע־
קוּמֶען אִין דֶעם פְלֵיישׁ, אִיז נִיט פוּן
גָאט, אוּנְד דָאס אִיז דֶער גֵייסְט פוּן
אַנְטִיקְרִיסְט, וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט
צוּ עֶר קוּמְט, אוּנְד עֶר אִיז שׁוֹין
אַצוּנְד אִין דֶער וֶועלְט׃
4 אִיהְר זֶענְט פוּן גָאט, קִינְדֶער, אוּנְד
אִיהְר הָאט זֵייא בֶּייגֶעקוּמֶען, וָוארִין
דֶער וָואס אִיז אִין אֵייךְ אִיז גְרֶעסֶער
פוּן דֶעם וָואס אִיז אִין דֶער וֶועלְט׃
5 זֵייא זֶענֶען פוּן דֶער וֶועלְט, דָארוּם
רֶעדֶען זֵייא פוּן דֶער וֶועלְט, אוּנְד דִיא
וֶועלְט הֶערְט זֵייא צוּ׃
6 מִיר זֶענֶען פוּן גָאט, דֶער וָואס קֶען
גָאט הֶערְט אוּנְס צוּ; דֶער וָואס אִיז
נִיט פוּן גָאט הֶערְט אוּנְס נִיט צוּ,
בֵּייא דִיזֶען דֶערְקֶענֶען מִיר דֶעם גֵייסְט
פוּן וָוארְהֵייט אוּנְד דֶעם גֵייסְט פוּן
טָעוּת׃
7 גֶעלִיבְּטֶע, לָאזֶען מִיר אֵיינֶער דֶעם
אַנְדֶערֶען לִיבֶּען וָוארִין דִיא לִיבְּשַׁאפְט
אִיז פוּן גָאט, אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס
לִיבְּט אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן גָאט אוּנְד קֶען
גָאט׃
8 דֶער וָואס לִיבְּט נִיט קֶען נִיט גָאט,
וָוארִין גָאט אִיז לִיבְּשַׁאפְט׃
9 אִין דִיזֶען אִיז דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן
גָאט אַנְטְפְּלֶעקְט, ווייל גָאט הָאט גֶע־
שִׁיקְט זֵיין אֵיינְצִיגֶען זוּהְן אִין דֶער
וֶועלְט אַרֵין, כְּדֵי מִיר זָאלֶען לֶעבֶּען
דוּרְךְ אִיהְם׃
10 אִין דִיזֶען אִיז לִיבְּשַׁאפְט, נִיט דָאס
מִיר הָאבֶּען גָאט גֶעלִיבְּט, נֵייעֶרְט דָאס
עֶר הָאט אוּנְס גֶעלִיבְּט אוּנְד הָאט
גֶעשִׁיקְט זֵיין זוּהְן פַאר אֵיינֶע אוֹיסְדֶערְ־
לֵייזוּנְג פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְדֶען׃
11 גֶעלִיבְּטֶע, וָוען גָאט הָאט אוּנְס
אַזוֹי גֶעלִיבְּט, אַזוֹי קֶערֶען מִיר אוֹיךְ
אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן צוּ לִיבֶּען׃
12 קֵיינֶער הָאט גָאט קֵיינְמָאהְל נִיט
גֶעזֶעהֶען; וָוען מִיר לִיבֶּען אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערְן, אַזוֹי בְּלֵייבְּט גָאט אִין

אוּנְס, אוּנְד זַיינֶע לִיבְּשַׁאפְט אִיז דֶערְפִילְט אִין אוּנְס ׃

13 בַּייא דִיזֶען וִויסֶען מִיר אַז מִיר זָענֶען אִין אִיהְם אוּנְד עֶר אִין אוּנְס, וַוייל עֶר הָאט אוּנְס גֶעגֶעבֶּען פוּן זַיין גַייסְט ׃

14 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אוּנְד מִיר בֶּעצֵייגֶען, אַז דֶער פָאטֶער הָאט גֶעשִׁיקְט דֶעם זוּהְן צוּ זַיין אַיין הֵיילַאנְד (אַ גואל) פוּן דֶער וֶועלְט ׃

15 דֶער וָואס וֶועט בֶּעקֶענֶען אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער זוּהְן פוּן גָאט, אַזוֹי בְּלֵייבְּט גָאט אִין אִיהְם אוּנְד עֶר אִין גָאט ׃

16 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעקֶענְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעגְלֵייבְּט אִין דֶער לִיבְּשַׁאפְט וָואס גָאט הָאט צוּ אוּנְס. גָאט אִיז לִיבְּשַׁאפְט; אוּנְד דֶער וָואס בְּלֵייבְּט אִין דֶער לִיבְּשַׁאפְט בְּלֵייבְּט אִין גָאט, אוּנְד גָאט אִין אִיהְם ׃

17 אִין דִיזֶען אִיז דִיא לִיבְּשַׁאפְט דֶערְפִילְט בַּייא אוּנְס, אַז מִיר זָאלֶען הָאבֶּען פְרֵייהֵייט אִין דֶעם יוֹם הַדִין; וָוארִין אַזוֹי וִויא עֶר אִיז, אַזוֹי זָענֶען מִיר אוֹיךְ אִין דִיזֶער וֶועלְט ׃

18 עֶס אִיז קֵיינֶע פוּרְכְט נִיט אִין דֶער לִיבְּשַׁאפְט, נֵייעֶרְט דִיא גַאנְצֶע לִיבְּשַׁאפְט טְרֵייבְּט אַרוֹיס דִיא פוּרְכְט, וָוארִין דִיא פוּרְכְט הָאט פֵּיין; אוּנְד דֶער וָואס פָארְכְט זִיךְ אִיז נִיט גַאנְץ אִין דֶער לִיבְּשַׁאפְט ׃

19 מִיר לִיבֶּען אִיהְם וַוייל עֶר הָאט אוּנְס צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעלִיבְּט ׃

20 וֶוען אֵיינֶער זָאגְט׳ אִיךְ לִיבּ גָאט, אוּנְד עֶר הַאסְט זַיין בְּרוּדֶער, אַזוֹי אִיז עֶר אַיין לִיגְנֶער; וָוארִין דֶער וָואס לִיבְּט נִיט זַיין בְּרוּדֶער וָועמֶען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען, וִויא אַזוֹי קֶען עֶר גָאט לִיבֶּען וָועמֶען עֶר הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען ׃

21 אוּנְד דִיזֶעס גֶעבָּאט הָאבֶּען מִיר פוּן אִיהְם, אַז דֶער וָואס לִיבְּט גָאט זָאל זַיין בְּרוּדֶער אוֹיךְ לִיבֶּען ׃

## קאפיטעל ה

1 אִיטְלִיכֶער וָואס גְלֵייבְּט אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער מָשִׁיחַ, אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן גָאט; אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס לִיבְּט דֶעם וָואס הָאט גֶעבּוֹירֶען, לִיבְּט אוֹיךְ דֶעם וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן אִיהְם ׃

2 בַּייא דִיזֶען וִויסֶען מִיר אַז מִיר לִיבֶּען דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט, וֶוען מִיר לִיבֶּען גָאט אוּנְד הַאלְטֶען זַיינֶע מִצְוֹת ׃

3 וָוארִין דָאס אִיז דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן גָאט, אַז מִיר זָאלֶען הַאלְטֶען זַיינֶע מִצְוֹת; אוּנְד זַיינֶע מִצְוֹת זָענֶען נִיט שְׁוֶוער ׃

4 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן גָאט קוּמְט דִיא וֶועלְט בַּייא; אוּנְד דָאס אִיז דֶער נִצָּחוֹן וָואס קוּמְט דִיא וֶועלְט בַּייא, אוּנְזֶער גְלוֹיבֶּען ׃

5 וֶוער אִיז דֶער וָואס קוּמְט דִיא וֶועלְט בַּייא, וֶוען נִיט דֶער וָואס גְלֵייבְּט אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער זוּהְן פוּן גָאט ?

6 דָאס אִיז דֶער וָואס אִיז גֶעקוּמֶען מִיט וַואסֶער אוּנְד מִיט בְּלוּט, יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, נִיט מִיט וַואסֶער אַלֵיין, נֵייעֶרְט מִיט וַואסֶער, אוּנְד מִיט בְּלוּט, אוּנְד עֶס אִיז דֶער גֵייסְט וָואס בֶּעצֵייגְט, וָוארִין דֶער גֵייסְט אִיז דִיא וָוארְהֵייט ׃

7 וָוארִין עֶס זָענֶען דְרֵייא וָואס זָאגֶען עֵדוּת אִים הִימֶעל, דֶער פָאטֶער, דָאס וָוארְט, אוּנְד דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ; אוּנְד דִיזֶע דְרֵייא זָענֶען אֵיינְס ׃

8 אוּנְד עֶס זָענֶען דְרֵייא וָואס זָאגֶען

עדות

עֵדוּת אויף דֶער עֶרְד, דֶער גייסְט,
אוּנְד דָאס וַואסֶער, אוּנְד דָאס בְּלוּט ;
אוּנְד דִיזֶע דְרַייא זֶענֶען צוּזַאמֶען :
9 וֶוען מִיר אַנְטפַאנְגֶען דָאס עֵדוּת
פוּן מֶענְשֶׁען, אַזוֹי אִיז דָאס עֵדוּת פוּן
גָאט גְרֶעסֶער, וָוארִין דָאס אִיז דָאס
עֵדוּת פוּן גָאט וָואס עֶר הָאט בֶּעצֵייגְט
אויף זַיין זוּהְן :
10 דֶער וָואס גְלֵייבְּט אָן דֶעם זוּהְן
פוּן גָאט הָאט דָאס עֵדוּת אִין זִיךְ
זֶעלְבְּסְט, דֶער וָואס גְלֵייבְּט נִיט אִין
גָאט הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט פַאר אֵיין
לִיגְנֶער, וַוייל עֶר הָאט נִיט גֶעגְלֵייבְּט
דָאס עֵדוּת וָואס גָאט הָאט בֶּעצֵייגְט
אויף זַיין זוּהְן :
11 אוּנְד דָאס אִיז דָאס עֵדוּת, אַז
גָאט הָאט אוּנְס גֶעגֶעבֶּען דָאס אֵייבִּיגֶע
לֶעבֶּען, אוּנְד דָאס לֶעבֶּען אִיז אִין זַיין
זוּהְן :
12 דֶער וָואס הָאט דֶעם זוּהְן הָאט
דָאס לֶעבֶּען, אוּנְד דֶער וָואס הָאט נִיט
דֶעם זוּהְן פוּן גָאט הָאט נִיט דָאס
לֶעבֶּען :
13 דִיזֶעס הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען צוּ
אֵייךְ וָואס גְלֵייבֶּען אָן דֶעם נָאמֶען פוּן
דֶעם זוּהְן פוּן גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט
ווִיסֶען אַז אִיהְר הָאט דָאס אֵייבִּיגֶע
לֶעבֶּען, אוּנְד אַז אִיהְר זָאלְט גְלֵייבֶּען
אָן דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם זוּהְן פוּן
גָאט :
14 אוּנְד דָאס אִיז דִיא פַארְזִיכֶערוּנְג
וָואס מִיר הָאבֶּען צוּ אִיהְם, אַז וֶוען
מִיר בֶּעטֶען עֶפֶּעס נָאךְ זַיין ווִילֶען אַזוֹי
הֶערְט עֶר אוּנְס :
15 אוּנְד וֶוען מִיר ווִיסֶען אַז עֶר
הֶערְט אוּנְס אִין אַלֶעם וָואס מִיר
בֶּעטֶען, אַזוֹי ווִיסֶען מִיר אַז מִיר הָאבֶּ־
בֶּען דָאס גֶעבֶּעט וָואס מִיר הָאבֶּען
פוּן אִיהְם גֶעבֶּעטֶען :
16 וֶוען אֵיינֶער וֶועט זֶעהֶען זַיין
בְּרוּדֶער זִינְדִיגֶען אַ זִינְד וָואס אִיז נִיט
צוּם טוֹיט, לָאז עֶר בֶּעטֶען, אוּנְד עֶר
וֶועט אִיהְם גֶעבֶּען דָאס לֶעבֶּען פַאר
דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעזִינְדִיגְט צוּם
טוֹיט, עֶס אִיז פַארְהַאנֶען אַ זִינְד צוּם
טוֹיט ; אִיךְ זָאג נִיט אַז עֶר זָאל בֶּעטֶ־
טֶען פַאר דִיזֶען :
17 אִיטְלִיכֶעס אוּמְרֶעכְט אִיז זִינְד,
אוּנְד עֶס אִיז פַארְהַאנֶען אַ זִינְד וָואס
אִיז נִיט צוּם טוֹיט :
18 מִיר ווִיסֶען אַז אִיטְלִיכֶער וָואס
אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן גָאט זִינְדִיגְט נִיט,
נֵייעֶרְט דֶער וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן
גָאט בֶּעוָואהְרְט זִיךְ, אוּנְד דֶער בֵּייזֶער
רִירְט אִיהְם נִיט אָן :
19 מִיר ווִיסֶען אַז מִיר זֶענֶען פוּן
גָאט, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט לִיגְט
אִין בֵּייזְהַייט :
20 אוּנְד מִיר ווִיסֶען אַז דֶער זוּהְן
פוּן גָאט אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט
אוּנְס גֶעגֶעבֶּען אֵיין פַארשְׁטַאנְד אַז
מִיר זָאלֶען קֶענֶען דֶעם וָואהְרְהַאפְטִי־
גֶען ; אוּנְד מִיר זֶענֶען אִין דֶעם
וָואהְרְהַאפְטִיגֶען, אִין זַיין זוּהְן יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ. דִיזֶער אִיז דֶער וָואהְרְהַאפְ־
טִיגֶער גָאט, אוּנְד דָאס אֵייבִּיגֶע
לֶעבֶּען :
21 מֵיינֶע קִינְדֶער, הִיט אֵייךְ פוּן
אָפְּגֶעטֶערַייא, אָמֵן :

# דֶער צְוֵוייטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) יוֹחָנָן.

1 דֶער זָקֵן צוּ דֶער אוֹיסְדֶערְוֵוייְלְטֶער הֶערְלִיכֶער פְרוֹיא, אוּנְד צוּ אִיהְרֶע קִינְדֶער, וָואס אִיךְ לִיבּ זֵייא אִין דֶער וָואהְרְהֵייט, אוּנְד נִיט אִיךְ אַלֵיין, נֵייעֶרְט אַלֶע וָואס קֶענֶען דִיא וָואהְרְהֵייט :

2 וֶועגֶען דֶער וָואהְרְהֵייט וָואס אִיז אִין אוּנְס, אוּנְד וֶועט מִיט אוּנְס זֵיין אוֹיף אֵייבִּיג.

3 גְנָאד זֵייא מִיט אֵייךְ, אוּנְד בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּנְד פְרִידֶען פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער, אוּנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דֶער זוּהְן פוּן דֶעם פָאטֶער, אִין וָואהְרְהֵייט אוּנְד אִין לִיבְּשַׁאפְט :

4 אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעהְר גֶעפְרֵייט וֵוייל אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען צְוִוישֶׁען דֵיינֶע קִינְדֶער דִיא וָואס וַואנְדְלֶען אִין דֶער וָואהְרְהֵייט, אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען אַנְטְפַאנְגֶען אֵיין גֶעבָּאט פוּן דֶעם פָאטֶער :

5 אוּנְד אַצוּנְד בֶּעט אִיךְ דִיךְ, הֶערְלִיכֶע פְרוֹיא, נִיט אוֹיבּ אִיךְ שְׁרֵייבּ דִיר אֵיין נֵייא גֶעבָּאט, נֵייעֶרְט וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעהַאט פוּן אָנְפַאנְג, אַז מִיר זָאלֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען :

6 אוּנְד דָאס אִיז דִיא לִיבְּשַׁאפְט, אַז מִיר זָאלֶען וַואנְדְלֶען נָאךְ זֵיינֶע גֶעבָּאטֶע, דָאס אִיז דָאס גֶעבָּאט וִויא אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט פוּן אָנְפַאנְג, אַז אִיהְר זָאלְט דְרִינֶען וַואנְדְלֶען :

7 וָוארִין פִילֶע פַארְפִירֶערְס זֶענֶען אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, וָואס בֶּעקֶענֶען נִיט אַז יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם פְלֵייש, דָאס אִיז דֶער פַארְפִירֶער אוּנְד אַנְטִיקְרִיסְט :

8 גֶעמְט אֵייךְ אִין אַכְט, אַז מִיר זָאלֶען נִיט פַארְלִירֶען וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעוִוירְקְט, נֵייעֶרְט מִיר זָאלֶען אַנְטְפַאנְגֶען אֵיין גַאנְצֶען לוֹין :

9 אִיטְלִיכֶער וָואס טְהוּט אֵיין עֲבֵרָה, אוּנְד בְּלֵייבְּט נִיט אִין דֶער לֶערְנוּנְג פוּן מָשִׁיחַ דֶער הָאט נִיט גָאט, דֶער וָואס בְּלֵייבְּט אִין דֶער לֶערְנוּנְג פוּן מָשִׁיחַ, דֶער הָאט דֶעם פָאטֶער אוּנְד דֶעם זוּהְן :

10 וֶוען אֵיינֶער קוּמְט צוּ אֵייךְ, אוּנְד בְּרֶענְגְט נִיט דִיזֶע לֶערְנוּנְג, אַזוֹי נֶעמְט אִיהְם נִיט אִים הוֹיז אַרֵיין, אוּנְד גְרִיסְט אִיהְם נִיט :

11 וָוארִין דֶער וָואס גְרִיסְט אִיהְם הָאט אֵיין טֵייל אִין זֵיינֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים :

12 אִיךְ הָאבּ פִילֶע זַאכֶען צוּ אֵייךְ צוּ שְׁרֵייבֶּען, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוָואלְט שְׁרֵייבֶּען מִיט פַּאפִּיר אוּנְד טִינְט, נֵייעֶרְט אִיךְ הָאף צוּ אֵייךְ צוּ רֶעדֶען פֶּה אֶל פֶּה, אַז אוּנְזֶערֶע פְרֵייד זָאל דֶערְפִילְט זֵיין :

13 דִיא קִינְדֶער פוּן דֵיין אוֹיסְדֶערְוֵוייְלְטֶער שְׁוֶועסְטֶער גְרִיסֶען דִיךְ, אָמֵן :

# דֶער דְרִיטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) יוֹחָנָן.

1 דֶער זָקֵן צוּם גֶעלִיבְּטֶען גַאיוּס, וָואס אִיךְ לִיבּ אִיהְם אִין דֶער וָואהְר־הֵייט:

2 מֵיין גֶעלִיבְּטֶער אִיךְ ווִינְשׁ אִיבֶּער אַלֶעם אַז דוּא זָאלְסְט מַצְלִיחַ זֵיין אוּנְד זָאלְסְט גֶעזוּנְד זֵיין, אַזוֹי ווִיא דֵיינֶע נְשָׁמָה אִיז מַצְלִיחַ:

3 וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעהְר גֶע־פְרֵייט וֶוען דִיא בְּרִידֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען בֶּעצֵייגְט פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט וָואס אִיז אִין דִיר, אַזוֹי ווִיא דוּא וַואנְדֶעלְסְט אִין דֶער וָואהְר־הֵייט:

4 וָוארִין אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיינֶע גְרֶעסֶע־רֶע פְרֵייד, נֵייעֶרְט אַז אִיךְ זָאל הֶערֶען אַז מֵיינֶע קִינְדֶער וַואנְדְלֶען אִין דֶער וָואהְרְהֵייט:

5 גֶעלִיבְּטֶער, דוּא הַאנְדֶעלְסְט גֶע־טְרֵייא, אִין וָואס דוּא טְהוּסְט קֶעגֶען דִיא בְּרִידֶער אוּנְד קֶעגֶען פְרֶעמְדֶע:

6 וָואס הָאבֶּען בֶּעצֵייגְט פַאר דִיא גֶעמֵיינְדֶע פוּן דֵיינֶע לִיבְּשַׁאפְט; אוּנְד דוּא וֶועסְט רֶעכְט טְהוּן וֶוען דוּא וֶועסְט זֵייא אַוֶועקְשִׁיקֶען ווִיא עֶס אִיז וֶוערְט פַאר גָאט:

7 וָוארִין זֵייא זֶענֶען אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן זֵיין נָאמֶען וֶועגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גָארְנִיט גֶענוּמֶען פוּן דִיא גוֹיִם:

8 דָארוּם קֶערֶען מִיר זָאלְכֶע לֵייט אוֹיפְצוּנֶעמֶען, אַז מִיר זָאלֶען זֵיין הֶעלְפֶערְס אִין דֶער וָוארְהֵייט:

9 אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיבֶּען צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע: אָבֶּער דִיאָטְרֶעפֶס וָואס ווִיל גֶערֶען זֵיין דֶער עֶלְצְטֶער צְווִישֶׁען זֵייא אַנְטְפַאנְגְט אוּנְס נִיט:

10 דָארוּם וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען וֶועל אִיךְ גֶעדֶענְקֶען זֵיינֶע מַעֲשִׂים וָואס עֶר טְהוּט אוּנְד וָואס עֶר רֶעט קֶעגֶען אוּנְס בֵּייזֶע רֵייד; אוּנְד עֶר בֶּעגְנִיגְט זִיךְ נִיט מִיט דִיזֶען, אוּנְד עֶר זֶעלְבְּסְט אַנְטְפַאנְט נִיט דִיא בְּרִידֶער, אוּנְד הִינְדֶערְט דִיא וָואס ווִילֶען זֵייא אַנְט־פַאנְגֶען, אוּנְד וַוארְפְט זֵייא אַרוֹיס פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע:

11 גֶעלִיבְּטֶער, פָאלְג נִיט נָאךְ דָאס בֵּייזֶע, נֵייעֶרְט דָאס גוּטֶע; דֶער וָואס טְהוּט גוּטֶעס אִיז פוּן גָאט, אָבֶּער דֶער וָואס טְהוּט בֵּייזֶעס הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען גָאט:

12 דִימֶעטְרִיוּס הָאט אֵיין גוּט צֵייגְנִיס פוּן אַלֶע לֵייט, אוּנְד פוּן דֶער וָוארְהֵייט זֶעלְבְּסְט; אוּנְד מִיר זָאגֶען אוֹיךְ עֵדוּת אוּנְד אִיהְר ווֵייסְט אַז אוּנְזֶער עֵדוּת אִיז וָואהְר:

13 אִיךְ הָאבּ פִיל צוּ שְׁרֵייבֶּען, אָבֶּער אִיךְ ווִיל דִיר נִיט שְׁרֵייבֶּען מִיט טִינְט אוּנְד פֶעדֶער:

14 וָוארִין אִיךְ הָאף דִיךְ בַּאלְד צוּ זֶעהֶען, אוּנְד מִיר וֶועלֶען רֶעדֶען פֶּה אֶל פֶּה, שָׁלוֹם זֵייא מִיט דִיר; אוּנְזֶערֶע פְרֵיינְד גְרִיסֶען דִיךְ, גְרִיס דִיא פְרֵיינְד מִיט דֶעם נָאמֶען:

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) יְהוּדָה.

1 יְהוּדָה, אֵיין קְנֶעכְט, פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְד דֶער בְּרוּדֶער פוּן יַעֲקוֹב, צוּ דִיא בֶּערוּפֶענֶע וָואס זֶענֶען גֶעהֵיילִיגְט אִין גָאט דֶעם פָאטֶער, אוּנְד זֶענֶען בֶּעוָוארְט אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:

2 בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּנְד פְּרִידֶען אוּנְד לִיבְּשַׁאפְט זָאל זִיךְ צוּ אֵייךְ פֶּערְמֶעהְרֶען:

3 גֶעלִיבְּטֶע, וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעהְר בֶּעפְלֵייסִיגְט אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ שְׁרֵייבֶּען וֶועגֶען דֶער זֶעלִיגְקֵייט וָואס מִיר הָאבֶּען צוּזַאמֶען, אַזוֹי וַואר עֶס נֵייטִיג אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ שְׁרֵייבֶּען אוּנְד זָאל אֵייךְ דֶערְמַאנֶען, אַז אִיהְר זָאלְט שְׁטְרֵייטֶען פַאר דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס אִיז אֵיינְמָאל אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ דִיא הֵיילִיגֶע:

4 וָוארִין עֶטְלִיכֶע לֵייט זֶענֶען שְׁטִילֶערְהֵייט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען וָואס זֶענֶען פְּרִיהֶער אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ דִיזֶען מִשְׁפָּט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען רְשָׁעִים, אוּנְד פַארְקֶערֶען דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶער גָאט צוּ אֵיין פַארְשֵׁייט לֶעבֶּען, אוּנְד פַארְלֵייקֶענֶען דֶעם אֵיינְצִיגֶען הַאר גָאט אוּנְד אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:

5 דָארוּם וִויל אִיךְ אֵייךְ דֶערְמַאנֶען, חָאטְשֶׁע אִיהְר וֵוייסְט דָאס פוּן פְרִיהֶער אַז וֶוען דֶער הַאר גָאט הָאט מַצִיל גֶעוֶועזֶען דָאס פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אַזוֹי הָאט עֶר דֶערְנָאךְ אוּמְגֶעבְּרַאכְט דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעגְלֵייבְּט:

6 אוּנְד דִיא מַלְאָכִים וָואס הָאבֶּען נִיט בֶּעהַאלְטֶען זֵייעֶר עֶרְשְׁטֶען שְׁטַאנְד אוּנְד הָאבֶּען פַארְלָאזְט זֵייעֶרֶע וְואוֹינוּנְג, הָאט עֶר בֶּעוָוארְט אִין אֵייבִּיגֶע קֵייטֶען אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס צוּ דֶעם מִשְׁפָּט פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען טָאג:

7 אַזוֹי וִויא סְדוֹם אוּנְד עֲמוֹרָה, אוּנְד דִיא שְׁטֶעט אַרוּם זֵייא וָואס הָאבֶּען אוֹיךְ מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ וִויא זֵייא, אוּנְד זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ דֶעם פְרֶעמְדֶען פְלֵייש, זֶענֶען גֶעזֶעצְט פַאר אֵיין בֵּיישְׁפִּיל צוּ לֵיידֶען דִיא שְׁטְרָאף פוּן דֶעם אֵייבִּיגֶען פֵייעֶר:

8 אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דִיזֶע טְרֵיימֶערס פַארְאוּמְרֵיינִיגֶען דָאס פְלֵייש, אוּנְד פַארְשֶׁעמֶען גֶעוֶועלְטִיגְקֵייטֶען, אוּנְד לֶעסְטֶערְן דִיא הֶערְלִיכְקֵייטֶען:

9 אוּנְד וֶוען מִיכָאֵל, דֶער עֶלְצְטֶער מַלְאָךְ הָאט זִיךְ גֶעקְרִיגְט מִיט דֶעם שָׂטָן, אוּנְד הָאט מִיט אִיהְם מְפַלְפֵּל גֶעוֶועזֶען וֶועגֶען דֶעם לֵייבּ פוּן מֹשֶׁה, הָאט עֶר זִיךְ נִיט דֶערְוָואוֹיגֶען עֶר זָאל קֶענֶען אִיהְם בְּרֶענְגֶען אַ פַארְקְלָאג פוּן לֶעסְטֶערוּנְג, נֵייעֶרְט עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער הַאר גָאט זָאל דִיךְ אָנְשְׁרֵייעֶן:

10 אָבֶּער דִיזֶע לֶעסְטֶערְן דָאס וָואס זֵייא וִויסֶען נִיט, אוּנְד וָואס זֵייא וִויסֶען פוּן דֶער נַאטוּר וִויא אוּמְפַארְשְׁטֶענְדִיגֶע חַיוֹת, אִין דִיזֶען פַארְדַארְבֶּען זֵייא זִיךְ:

11 וֵויא צוּ זֵייא, וָוארִין זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם וֶועג פוּן קַיִן, אוּנְד

זֶענֶען גֶעלָאפֶען נָאךְ דֶעם פַארְפִירֶענִים
פוּן בִּלְעָם פַאר אֵיין לוין, אוּנְד זֶענֶען
פַארְלוירֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶער ווידֶערְ־
שְׁפֶּענִיגְקֵייט פוּן קוֹרַח:
12 דִיזֶע זֶענֶען פְלֶעקֶען אִין אֵייעֶרֶע
מָאלְצֵייטֶען פוּן לִיבְּשַׁאפְט, אוּנְד זֵייא
פְרֶעסֶען מִיט אֵייךְ אוּנְד שְׁפֵּייזֶען זִיךְ
אָהְן פוּרְכְט; זֵייא זֶענֶען וָואלְקֶענְס אָהְן
וַואסֶער, אוּנְד זֶענֶען אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען
פוּן ווינְד; זֵייא זֶענֶען בֵּיימֶער וָואס
זֵייעֶרֶע פְרוּכְט וֶוערְט פַארְפוילְט, אוּנְד
זֶענֶען אָהְן פְרוּכְט, צְוֵוייא מָאל טוֹיט
אוּנְד אוֹיסְגֶעוָוארְצֶעלְט:
13 זֵייא זֶענֶען שְׁטוּרֶעמְדִיגֶע אִינְדֶען
פוּן דֶעם יַם, וָואס שוימֶען אַרוֹיס זֵייעֶרֶע
אֵייגֶענֶע שַׁאנְד; פְלִיעֶנְדֶע שְׁטֶערֶען,
וָואס דֶער נֶעפֶּעל פוּן פִינְסְטֶערְנִיס אִיז
פַאר זֵייא בֶּעהַאלְטֶען אוֹיף אֵייבִּיג:
14 אוּנְד חֲנוֹךְ דֶער זִיבֶּעטֶער פוּן
אָדָם, דֶער הָאט אוֹיף זֵייא נְבוּאוֹת
נֶעזָאגְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זֶעהְט,
דֶער הַאר קוּמְט מִיט פִילֶע טוֹיזֶענְד
פוּן זֵיינֶע הֵיילִיגֶע:
15 כְּדֵי עֶר זָאל אַלֶע מִשְׁפָּט'ן אוּנְד
זָאל שְׁטְרָאפֶען אַלֶע רְשָׁעִים פַאר אַלֶע
זֵייעֶרֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים וָואס זֵייא הָאבֶּען
בֵּייז גֶעטְהוּן, אוּנְד פַאר אַלֶע הַארְטֶע
זַאכֶען וָואס דִיא גָאטְלָאזִיגֶע זִינְדֶערְס
הָאבֶּען קֶעגֶען אִיהְם גֶעשְׁפְּרָאכֶען:
16 דִיזֶע מוּרְמֶעלְן אוּנְד קְלָאגֶען זִיךְ
תָּמִיד, אוּנְד גֵייעֶן נָאךְ זֵייעֶרֶע גְלוּסְ־
טִיגְקֵייטֶען, אוּנְד זֵייעֶר מוֹיל רֶעט
הָאפֶערְדִיגֶע רֵייד, זֵייא זֶענֶען נוֹשֵׂא
פָּנִים פוּן גֶעווינְסְט וֶועגֶען:
17 אָבֶּער אִיהְר גֶעלִיבְּטֶע, גֶעדֶענְקְט
אָן דִיא רֵייד וָואס זֶענֶען פְרִיר גֶעזָאגְט
גֶעוָוארֶען בֵּייא דִיא אַפָּאסְטֶעלְס פוּן
אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
18 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען אֵייךְ גֶעזָאגְט,
אַז אִין דֶער לֶעצְטֶער צֵייט וֶועלֶען
קוּמֶען שְׁפֶּעטֶערְס, וָואס וֶועלֶען נָאכְ־
גֵיין זֵייעֶרֶע בֵּייזֶע גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען:
19 דִיזֶע זֶענֶען דִיא וָואס שֵׁיידֶען זִיךְ
אָפּ, אוּנְד זֵייא זֶענֶען וֶועלְטְלִיךְ, אוּנְד
הָאבֶּען נִיט דֶעם גֵייסְט:
20 אָבֶּער אִיהְר גֶעלִיבְּטֶע, בֶּעסֶערְט
אֵייךְ אִין אֵייעֶר הֵיילִיגְסְטֶען גְלוֹיבֶּען,
אוּנְד בֶּעטֶעט אִין דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ:
21 אוּנְד הַאלְט אֵייךְ אִין דֶער לִיבְּ־
שַׁאפְט פוּן גָאט, אוּנְד וַוארְטֶעט אוֹיף
דֶער בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט פוּן אוּנְזֶער
הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ צוּם אֵייבִּיגֶען
לֶעבֶּען:
22 אוּנְד דֶערְבַּארֶעמְט אֵייךְ אִיבֶּער
עֶטְלִיכֶע לֵייט, אוּנְד מַאכְט אֵיין צְוִוי־
שֶׁענְשֵׁייד:
23 אוּנְד אַנְדֶערֶע זָאלְט אִיהְר זֶעלִיג
מַאכֶען מִיט פוּרְכְט, אוּנְד זָאלְט זֵייא
מַצִּיל זֵיין אוֹיס דֶעם פֵייעֶר, אוּנְד הָאט
אֲפִילוּ פֵיינְד דָאס קְלֵייד וָואס אִיז
בֶּעפְלֶעקְט פוּן דֶעם פְלֵיישׁ:
24 אוּנְד צוּ דֶעם וָואס קֶען אֵייךְ
הִיטֶען אַז אִיהְר זָאלְט נִיט שְׁטְרוֹיכְלֶען,
אוּנְד קֶען אֵייךְ פָארְשְׁטֶעלֶען פַאר זֵיינֶע
הֶערְלִיכְקֵייט אָהְן אֵיין מוּם מִיט פְרֵייד:
25 צוּם אֵיינְצִיגֶען ווייזֶען גָאט אוּנְזֶער
הֵיילַאנְד, זָאל זֵיין דֶער כָּבוֹד אוּנְד
דִיא גְדוּלָה, אוּנְד דִיא קְרַאפְט אוּנְד
דִיא מַאכְט, אַצוּנְד אוּנְד אוֹיף אַלֶע
אֵייבִּיגְקֵייטֶען, אָמֵן:

# דִיא עֶנְטפְּלֶעקוּנְג
# פוּן יוֹחָנָן דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן

1 דִיא עֶנְטפְּלֶעקוּנְג פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וָואס גָאט הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען, אַז עֶר זָאל וַוייזֶען צוּ זַיינֶע קְנֶעכְט דָאס וָואס מוּס בַּאלְד גֶעשֶׁעהֶען; אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעלָאזְט וִויסֶען, דוּרךְ זַיין מַלְאָךְ וָואס עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ זַיין קְנֶעכְט יוֹחָנָן:

2 וָואס הָאט בֶּעצֵייגְט אוֹיף דֶעם וָוארְט פוּן גָאט, אוּנְד אוֹיף דֶעם צֵייגֶענִים פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְד אוֹיף אַלֶעם וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען:

3 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס לֶעזֶען, אוּנְד דִיא וָואס הֶערֶען דִיא רֵייד פוּן דִיא נְבוּאָה אוּנְד הַאלְטֶען דָאס וָוארְט וָואס אִיז דְרִינֶען גֶעשְׁרִיבֶּען, וָוארִין דִיא צַייט אִיז נָאהְנְט:

4 פוּן יוֹחָנָן צוּ דִיא זִיבֶּען גֶעמֵיינְדֶען וָואס זֶענֶען אִין אַזְיָא; גְנָאד זַייא מִיט אֵייךְ, אוּנְד פְרִידֶען פוּן אִיהְם וָואס אִיז, אוּנְד וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְד וָואס וֶועט קוּמֶען; אוּנְד פוּן דִיא זִיבֶּען גֵייסְטֶער וָואס זֶענֶען פַאר זַיין שְׁטוּל:

5 אוּנְד פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ דֶער בֶּעגְלֵייבְּטֶער עֵדוּת, דֶער עֶרְשְׁט־גֶעבּוֹירֶענֶער פוּן דִיא טוֹיטֶע, אוּנְד דֶער אוֹיבֶּער־הַאר פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד; עֶר וָואס הָאט אוּנְס גֶעלִיבְּט אוּנְד הָאט אוּנְס גֶעוַואשֶׁען מִיט זַיין בְּלוּט פוּן אוּנְזֶערֶע זִינְדֶען:

6 אוּנְד הָאט אוּנְס גֶעמַאכְט פַאר קֶענִיגֶע אוּנְד כֹּהֲנִים צוּ גָאט זַיין פָאטֶער, צוּ אִיהְם אִיז דִיא הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד דִיא קְרַאפְט פוּן אֵייבִּיגְקֵייט צוּ אֵייבִּיגְקֵייט, אָמֵן:

7 זֶעהְט, עֶר קוּמְט מִיט דִיא וָואלְקֶענְס, אוּנְד אִיטְלִיכֶעס אוֹיג וֶועט אִיהְם זֶעהְן, אוֹיךְ דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁטָאכֶען, אוּנְד אַלֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דֶער עֶרְד וֶועלֶען אִיבֶּער אִיהְם קְלָאגֶען, אַזוֹי וֶועט זַיין, אָמֵן:

8 אִיךְ בִּין דִיא "א" אוּנְד דִיא "ת" דֶער אָנְהֵייבּ אוּנְד דֶער סוֹף, זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דֶער וָואס אִיז, אוּנְד וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען, אוּנְד וָואס וֶועט קוּמֶען, דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט:

9 אִיךְ יוֹחָנָן, וָואס בִּין אֵייעֶר בְּרוּדֶער, אוּנְד אוֹיךְ אַ טֵייל גֶעמֶער פוּן דִיא לֵיידֶען אוּנְד דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ, אוּנְד דֶער גֶעדוּלְד, פוּן וֶועגֶען יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער אִינְזֶעל וָואס הֵייסְט פַּאטְמוֹס, וֶועגֶען דֶעם וָוארְט פוּן גָאט, אוּנְד וֶועגֶען דֶעם צֵייגֶענִים פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:

10 אוּנְד עֶס וַואר אוֹיף מִיר דֶער גֵייסְט אִין דֶעם טָאג פוּן דֶעם הַאר; אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אוּנְטֶער מִיר אַ גְרוֹיס קוֹל וִויא אַ קוֹל פוּן אַ שׁוֹפָר:

11 וָואס הָאט גֶעזָאגְט, (אִיךְ בִּין דִיא "א" אוּנְד דִיא "ת" דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּנְד דֶער לֶעצְטֶער; אוּנְד דָאס וָואס דוּא זֶעהְסְט שְׁרֵייבּ אִין אַ בּוּךְ, אוּנְד

שִׁיק עֶס צוּ דִיא זִיבֶּען גֶעמֵיינְדֶען וָואס
זֶענֶען אִין אַזְיָא, אוּנְד אִין עֶפֶּסוּס, אוּנְד
אִין סְמִירְנָא, אוּנְד אִין פֶּרְגַמוּס, אוּנְד
אִין טִיאַטִירָא, אוּנְד אִין סַרְדִיס, אוּנְד
אִין פִּילָאדֶעלְפִיָא, אוּנְד אִין לַאודוּקִיָא:
12 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט
צוּ זֶעהְן דָאס קוֹל וָואס הָאט גֶערֶעט
צוּ מִיר, אוּנְד וִויא אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוּמְ־
גֶעקֶערְט הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען זִיבֶּען
גָאלְדֶענֶע מְנוֹרוֹת:
13 אוּנְד אִין דֶער מִיטֶען פוּן דִיא
זִיבֶּען מְנוֹרוֹת וַואר אַ גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ
מֶענְשֶׁען זוּהְן, וָואס וַואר גֶעקְלֵיידֶעט
אִין אַ מַאנְטֶעל, אוּנְד עֶר וַואר אַרוּם
גֶעגַארְטֶעלְט מִיט אַ גָאלְדֶענֶעם גַארְטֶעל
אַרוּם זֵיינֶע בְּרוּסְט:
14 אוּנְד זֵיין קָאפּ אוּנְד זֵיינֶע הָאר
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען וֵוייסֶער וִויא וֵוייסֶע
וָואל, אַזוֹי וִויא דֶער שְׁנֵייא, אוּנְד זֵיינֶע
אוֹיגֶען וִויא אַ פְלַאם פוּן פֵייעֶר:
15 אוּנְד זֵיינֶע פִּיס וִויא פֵיינֶעם קוּפֶּער,
גְלֵייךְ וִויא זֵייא וָואלְטֶען גֶעבְּרֶענְט אִין
אַיין אוֹיבֶען, אוּנְד זֵיין קוֹל וַואר וִויא
אַ קוֹל פוּן פִילֶע וַואסֶערֶען:
16 אוּנְד אִין זֵיינֶע רֶעכְטֶער הַאנְד
הָאט עֶר גֶעהַאט זִיבֶּען שְׁטֶערֶען, אוּנְד
פוּן זֵיין מוֹיל אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַ
צְוֵוייא־שְׁנֵיידִיגֶעס שַׁארְפֶעס שְׁוֶוערְד,
אוּנְד זֵיין פָּנִים הָאט גֶעשֵׁיינְט וִויא דִיא
זוּן אִין אִיהְר שְׁטַארְקַייט:
17 אוּנְד וָוען אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעזֶעהֶען,
בִּין אִיךְ אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען פַאר זֵיינֶע
פִּיס וִויא אַ טוֹיטֶער, אוּנְד עֶר הָאט
זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוֹיף מִיר גֶעלֵייגְט,
אוּנְד הָאט מִיר גֶעזָאגְט, פָארְכְט דִיךְ
נִיט, אִיךְ בִּין דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּנְד דֶער
לֶעצְטֶער אוּנְד דֶער וָואס לֶעבְּט:
18 אִיךְ וַואר טוֹיט, אוּנְד יֶעצְט לֶעבּ
אִיךְ אִין אַלֶע אֵייבִּיגְקֵייט, (אָמֵן). אוּנְד
אִיךְ הָאבּ דִיא שְׁלִיסֶעל פוּן דֶעם
גֵיהִנוֹם אוּנְד טוֹיט:
19 שְׁרֵייבּ וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען,
אוּנְד וָואס עֶס וֶוערְט יֶעצְט גֶעטְהוּן,
אוּנְד וָואס עֶס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען דֶערְנָאךְ:
20 דָאס גֶעהֵיימֶענִיס (סוֹד) פוּן דִיא
זִיבֶּען שְׁטֶערֶען וָואס דוּא הָאסְט גֶע־
זֶעהְן אִין מֵיינֶע רֶעכְטֶער הַאנְד. אוּנְד
דִיא זִיבֶּען גָאלְדֶענֶע מְנוֹרוֹת. דִיא זִיבֶּען
שְׁטֶערֶען זֶענֶען דִיא מַלְאָכִים פוּן דִיא
זִיבֶּען קְהִלּוֹת, אוּנְד דִיא זִיבֶּען מְנוֹרוֹת
וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהְן זֶענֶען דִיא
זִיבֶּען קְהִלּוֹת:

## קאפִּיטֶעל ב

1 צוּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶער קְהִלָּה פוּן
עֶפֶּעסוּס, זָאלְסְט דוּא שְׁרֵייבֶּען, אַזוֹי
הָאט גֶעזָאגְט דֶער וָואס הַאלְט דִיא
זִיבֶּען שְׁטֶערֶען אִין זֵיינֶע רֶעכְטֶער
הַאנְד, וָואס גֵייט אַרוּם צְוִוישֶׁען דִיא
זִיבֶּען גָאלְדֶענֶע מְנוֹרוֹת:
2 אִיךְ וֵוייס דֵיינֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד דֵיינֶע
אַרְבֵּייט, אוּנְד דֵיינֶע גֶעדוּלְד, אוּנְד
דָאס דוּא קֶענְסְט נִיט לֵיידֶען דִיא בֵּייזֶע
לֵייט, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעפְּרוּפְט דִיא
וָואס זָאגֶען זֵייא זֶענֶען אַפָּאסְטֶעלְס
(שְׁלִיחִים), אוּנְד זֶענֶען נִיט, אוּנְד הָאסְט
גֶעפוּנֶען אַז זֵייא זֶענֶען לִיגְנֶערְס:
3 אוּנְד דוּא הָאסְט פִיל גֶעלִיטֶען, אוּנְד
דוּא הָאסְט גֶעהַאט גֶעדוּלְד, אוּנְד פוּן
וֶועגֶען מֵיין נָאמֶען הָאסְט דוּא גֶע־
אַרְבֵּייט, אוּנְד בִּיסְט נִיט מִיד גֶעוָוארֶען:
4 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ עֶטְוָואס קֶעגֶען דִיר,
וֵוייל דוּא הָאסְט פַארְלָאסְט דֵיינֶע
עֶרְשְׁטֶע לִיבְּשַׁאפְט:
5 דָארוּם גֶעדֶענְק פוּן וַואנֶען דוּא

בִּיסְט גֶעפַאלֶען, אוּנְד טְהוּא תְּשׁוּבָה, אוּנְד טְהוּא וויא דֵיינֶע עֶרְשְׁטֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד וֶוען נִיט, אַזוֹי וֶועל אִיךְ צוּ דִיר בַּאלְד קוּמֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אַוֶועק רִיקֶען דֵיינֶע מְנוֹרָה פוּן אִיהְר אָרְט, וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט תְּשׁוּבָה טְהוּן׃

6 אָבֶּער דָאס הָאסְט דוּא, דָאס דוּא הָאסְט פֵיינְד דִיא מַעֲשִׂים פוּן דִיא נִיקָאלַאִיטֶען, וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ פֵיינְד׃

7 וֶוער עֶס הָאט אַן אוֹיעֶר, לָאז עֶר הֶערֶען וָואס דֶער גֵייסְט זָאגְט צוּ דִיא גֶעמֵיינְדֶען, צוּ דֶעם וָואס אִיבֶּערקוּמְט וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען צוּ עֶסֶען פוּן דֶעם בּוֹים פוּן לֶעבֶּען (עֵץ הַחַיִּים) וָואס אִיז אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם גַן־עֵדֶן פוּן גָאט׃

8 אוּנְד צוּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶער קְהִלָּה פוּן סְמִירְנָא זָאלְסְט דוּא שְׁרֵייבֶּען, דָאס זָאגְט דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּנְד דֶער לֶעצְטֶער, דֶער וָואס וַואר טוֹיט אוּנְד אִיז לֶעבֶּעדִיג׃

9 אִיךְ ווֵייס דֵיינֶע מַעֲשִׂים אוּנְד דֵיינֶע לֵיידֶען אוּנְד דֵיינֶע אָרֶעמוּט, (אָבֶּער דוּא בִּיסְט רֵייךְ) אוּנְד דִיא לֶעסְטֶערוּנְג פוּן דִיא וָואס זָאגֶען אַז זֵייא זֶענֶען יוּדֶען אוּנְד זֶענֶען נִיט, נֵייעֶרְט זֵייא זֶענֶען פוּן דִיא שׁוּל פוּן דֶעם שָׂטָן׃

10 פָארְכְט דִיךְ גָאר נִיט פַאר דֶעם וָואס דוּא וֶועסְט לֵיידֶען, זֶעהְט, דֶער שָׂטָן וֶועט עֶטְלִיכֶע פוּן אֵייךְ אִין גֶער־פֶענְקֶענִיס אַרֵיין וַוארְפֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט גֶעפְּרוּפְט וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט הָאבֶּען לֵיידֶען צֶעהְן טֶעג; זֵייא גֶער־טְרֵייא בִּיז צוּם טוֹיט, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען אַ קְרוֹין פוּן לֶעבֶּען׃

11 וֶוער עֶס הָאט אַן אוֹיעֶר לָאז עֶר הֶערֶען וָואס דֶער גֵייסְט זָאגְט צוּ דִיא קְהִלָּה; דֶער וָואס אִיבֶּערקוּמְט וֶועט נִיט לֵיידֶען פוּן דֶעם צְווֵייטֶען טוֹיט׃

12 אוּנְד צוּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶער קְהִלָּה וָואס אִיז אִין פֶּערְגַאמוּס זָאלְסְט דוּא שְׁרֵייבֶּען, דָאס זָאגְט דֶער וָואס הָאט דָאס שַׁארְפֶע צְווֵייא שְׁנֵיידִיגֶע שְׁוֶוערְד׃

13 אִיךְ ווֵייס דֵיינֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד וְואוּ דוּא וְואוֹינְסְט, דָארְטֶען וְואוּ דֶער שְׁטוּהְל פוּן דֶעם שָׂטָן אִיז; אוּנְד דוּא הַאלְסְט פֶעסְט מֵיין נָאמֶען אוּנְד הָאסְט נִיט פֶערְלֵייקֶענְט מֵיין גְלוֹיבֶּען, אַפִילוּ אִין דִיא טֶעג וֶוען אַנְטִיפַּאס מֵיין בֶּעגְלֵייבְּטֶער עֵדוּת וָואס עֶר אִיז בֵּייא אֵייךְ אוּמְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען, דָארְטֶען וְואוּ דֶער שָׂטָן וְואוֹינְט׃

14 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דָאךְ עֶטְוָואס קֶעגֶען דִיר, ווֵייל דוּא הָאסְט מִיט דִיר מֶענְשֶׁען וָואס הַאלְטֶען דִיא לֶערְנוּנְג פוּן בִּלְעָם, וָואס הָאט גֶעלֶערֶענְט בָּלָק אַז עֶר זָאל וַוארְפֶען אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פַאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, זֵייא זָאלֶען עֶסֶען פוּן דִיא קָרְבָּנוֹת פוּן אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד זָאלֶען הוּרֶערֵייא טְרֵייבֶּען (מְזַנֶּה זַיין)׃

15 אַזוֹי הָאסְט דוּא אוֹיךְ פוּן דִיא וָואס הַאלְטֶען דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דִיא נִיקָאלַאִיטֶען, וָואס אִיךְ הָאבּ פֵיינְד׃

16 טְהוּא תְּשׁוּבָה; אוּנְד וֶוען נִיט, אַזוֹי וֶועל אִיךְ צוּ דִיר בַּאלְד קוּמֶען, אוּנְד וֶועל מִיט זֵייא שְׁטְרֵייטֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד פוּן מֵיין מוֹיל׃

17 וֶוער עֶס הָאט אַן אוֹיעֶר זָאל הֶערֶען וָואס דֶער גֵייסְט זָאגְט צוּ דִיא קְהִלָּה; צוּ דֶעם וָואס אִיבֶּערקוּמְט וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען צוּ עֶסֶען פוּן דֶעם פֶערבָּארְגֶענֶעם מָן, אוּנְד אִיךְ וֶועל

איהם געבען א ווייסען שטיין, אונד אויף דעם שטיין איז געשריבען א נייער נאמען, וואס קיינער קען ניט וויסען, נאר דער וואס וועט איהם בעקומען:

18 אונד צו דעם מלאך פון דער געמיינדע וואס איז אין טיאטירא זאלסט דוא שרייבען, אזוי זאגט דער זוהן פון גאט, וואס זיינע אויגען זענען וויא א פלאם פון פייער, אונד זיינע פיס וויא פיינעס קופער:

19 איך וויים דיינע מעשים, אונד דיינע ליבשאפט, אונד דיין דינסט, אונד דיין גלויבען, אונד דיינע געדולד, אונד דאס דיינע לעצטע מעשים זענען מעהר פאר דיא ערשטע:

20 אבער איך האב עטוואס קעגען דיר, ווייל דוא לאסט דיא פרויא איזבל וואס זאגט אז זיא איז א נביאה, אז זיא זאל לערנען אונד פארפירען מיינע קנעכט, זייא זאלען הורעריא טרייבען, אונד זאלען עסען קרבנות פון אפגעטער:

21 אונד איך האב איהר געגעבען צייט אז זיא זאל תשובה טהון וועגען איהרע הורעריא, אונד זיא וויל ניט תשובה טהון:

22 זעה, איך וועל זיא ארייננווארפען אין א בעט, אונד דיא וואס האבען מיט איהר ארומגעהורט אין גרויסע צרות, ווען זייא וועלען זיך ניט אומקערען פון זייערע מעשים:

23 אונד איך וועל זיירע קינדער אומברענגען מיט דעם טויט, אונד אלע קהלות וועלען וויסען אז איך בין דער וואס פארשט דיא ניערען אונד דאס הארץ, אונד איך וועל אייך געבען איטליכען נאך זיינע ווערקע:

24 אבער איך זאג צו אייך, אונד צו דיא איבריגע אין טיאטירא, וואס האבען ניט דיזע לעהרע, אונד האבען ניט געוואוסט דיא טיפענים פון דעם שטן, וויא זייא זאגען; איך וועל אויף אייך ניט קיינע אנדערע לאסט ארויפלייגען:

25 אבער וואס איהר האט, האלט פעסט ביז איך וועל קומען:

26 אונד דער וואס איבערקומט אונד וואס היט מיינע מעשים ביז צום סוף, אזוי וועל איך איהם געבען מאכט איבער דיא גוים:

27 אונד ער וועט איבער זייא הערשען מיט אן אייזערנע רוט; אונד זייא וועלען צוברעכען ווערען וויא דיא כלים פון א טעפער, אזוי וויא איך האב אויך דערהאלטען פון מיין פאטער:

28 אונד איך וועל איהם געבען דעם מארגען־שטערען:

29 ווער עס האט איין אויער דער זאל הערען וואס דער גייסט זאגט צו דיא קהלות:

## קאפיטעל ג

1 אונד צו דעם מלאך פון דער קהלה פון סארדים זאלסט דוא שרייבען, אזוי זאגט דער וואס האט דיא זיבען גייסטער פון גאט אונד דיא זיבען שטערען, איך וויים דיינע מעשים, אז דוא האסט א נאמען גלייך וויא דוא זאלסט לעבען אונד דוא ביסט גאר טויט:

2 וואך אונד בעפעסטיג דיא איבעריגע וואס האלטען נאהענט צום טויט ווארין איך האב ניט געפונען דיינע ווערקע גאנץ פאר גאט:

3 דָארוּם גֶעדֶענְק וָואס דוּא הָאסְט דֶערְהַאלְטֶען אוּנְד גֶעהֶערְט, אוּנְד הַאלְט עֶס אוּנְד טְהוּא תְּשׁוּבָה; אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט וַואכֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אִיבֶּער דִיר קוּמֶען וִויא אַ גַנָב, אוּנְד דוּא וֶועסְט נִיט וִויסֶען אִין וֶועלְ־כֶע צַייט אִיךְ וֶועל אִיבֶּער דִיר קוּמֶען:

4 דוּא הָאסְט אוֹיךְ עֶטְלִיכֶע נֶעמֶען אִין סַארְדִיס וָואס הָאבֶּען נִיט בֶּעְ־פְלֶעקְט זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען מִיט מִיר אַרוּם גֵייןְ אִין וַוייסֶען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען עֶס וֶוערְט:

5 דֶער וָואס אִיבֶּערְקוּמְט וֶועט גֶע־קְלֵיידֶעט וֶוערֶען אִין וַוייסֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט זַיין נָאמֶען אוֹיסְ־מֶעקֶען פוּן דֶעם סֵפֶר הַחַיִּים, אוּנְד וֶועל בֶּעקֶענֶען זַיין נָאמֶען פַאר מֵיין פָאטֶער אוּנְד פַאר זַיינֶע מַלְאָכִים:

6 וֶוער עֶס הָאט אֵיין אוֹיעֶר, דֶער זָאל הֶערֶען וָואס דֶער גֵייסְט זָאגְט צוּ דִיא קְהִלּוֹת:

7 אוּנְד צוּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶער קְהִלָּה וָואס אִיז אִין פִילַאדֶעלְפִיָא זָאלְסְט דוּא שְׁרֵייבֶּען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הֵיילִיגֶער, דֶער וָוארְהַאפְטִיגֶער, וָואס אִין זַיינֶע הַאנְד אִיז דֶער שְׁלִיסֶעל פוּן דָוִד, וָואס עֶפֶענְט אוּנְד קֵיינֶער פַאר־שְׁלִיסְט נִיט, אוּנְד וָואס פַארְשְׁלִיסְט אוּנְד קֵיינֶער עֶפֶענְט נִיט:

8 אִיךְ וֵוייס דֵיינֶע וֶוערְקֶע, זֶעה, אִיךְ הָאבּ פַאר דִיר גֶעזֶעצְט אַן אָפֶענֶע טִיר, אוּנְד קֵיינֶער קֶען זִיא נִיט פֶערְ־שְׁלִיסֶען, וָוארִין דוּא הָאסְט אַ בִּיסֶעל קְרַאפְט, אוּנְד הָאסְט גֶעהַאלְטֶען מֵיין וָוארְט אוּנְד הָאסְט נִיט פֶערְלֵייקֶענְט מֵיין נָאמֶען:

9 זֶעה, אִיךְ וֶועל מַאכֶען דִיא מֶענְשֶׁען פוּן דֶער שׁוּל פוּן דֶעם שָׂטָן, וָואס זֵייא זָאגֶען אַז זֵייא זֶענֶען יוּדֶען אוּנְד זֶענֶען נִיט, נֵייעֶרְט זֵייא זֶענֶען לִיגְנֶערְס, זֶעה, אִיךְ וֶועל מַאכֶען אַז זֵייא זָאלֶען קוּמֶען אוּנְד זִיךְ בִּיקֶען צוּ דֵיינֶע פִיס, אוּנְד זָאלֶען וִויסֶען אַז אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעלִיבְּט:

10 וֵוייל דוּא הָאסְט גֶעהִיט דָאס וָוארְט פוּן מֵיינֶע גֶעדוּלְד, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיךְ אוֹיךְ הִיטֶען פוּן דֶער צַייט פוּן פְּרִיפוּנְג וָואס עֶס וֶועט קוּמֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, צוּ פְּרִיפֶען דִיא וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד:

11 זֶעה, אִיךְ קוּם בַּאלְד, הַאלְט פֶעסְט וָואס דוּא הָאסְט, אַז קֵיינֶער זָאל נִיט אַוֶועק נֶעמֶען דֵיינֶע קְרוֹין:

12 דֶער וָואס אִיבֶּערְקוּמְט דֶעם וֶועל אִיךְ מַאכֶען פַאר אַ זֵייל אִין דֶעם הֵיכָל פוּן מֵיין גָאט, אוּנְד עֶר וֶועט נִיט מֶעהְר אַרוֹיס גֵייןְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיף אִיהְם שְׁרֵייבֶּען דֶעם נָאמֶען פוּן מֵיין גָאט, אוּנְד דֶעם נָאמֶען פוּן דֶער שְׁטָאט פוּן מֵיין גָאט, פוּן דֶעם נֵייעֶן יְרוּשָׁלַיִם וָואס קוּמְט אַרוּפּ פוּן הִימֶעל פוּן מֵיין גָאט, אוּנְד מֵיין נֵייעֶן נָאמֶען וֶועל אִיךְ אוֹיף אִיהְם שְׁרֵייבֶּען:

13 וֶוער עֶס הָאט אֵיין אוֹיעֶר דֶער זָאל הֶערֶען וָואס דֶער גֵייסְט זָאגְט צוּ דִיא קְהִלּוֹת:

14 אוּנְד צוּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶער קְהִלָּה וָואס אִיז אִין לַאודוּקִיָא זָאלְסְט דוּא שְׁרֵייבֶּען, אַזוֹי זָאגְט דֶער אָמֵן, דֶער בֶּעגְלוֹיבְּטֶער אוּנְד וָוארְהַאפְטִיגֶער עֵדוּת, דֶער אָנְהֵייבּ פוּן דֶער בֶּעשֶׁעְ־פֶענִים פוּן גָאט:

15 אִיךְ וֵוייס דֵיינֶע וֶוערְקֶע, אַז דוּא בִּיסְט נִיט קַאלְט אוּנְד נִיט וַוארֶעם;

הַלְוַאי וָואלְסְט דוּא גֶעוֶועזֶען קַאלְט אָדֶער וַוארֶעם׃

16 אָבֶּער וַוייל דוּא בִּיזְט נָאר לֶעבְּלִיךְ, אוּנְד בִּיזְט נִיט קַאלְט אוּנְד נִיט וַוארֶעם, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיךְ אוֹיסְשְׁפֵּייֶען אוֹיס מֵיין מוֹיל׃

17 וַוייל דוּא זָאגְסְט, אִיךְ בִּין רֵייךְ, אִיךְ הָאבּ פִיל פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט קֵיינֶע נוֹיט; אוּנְד דוּא וֵוייסְט נִיט אַז דוּא בִּיזְט עֶלֶענְד אוּנְד יֶעמֶערְלִיךְ, אוּנְד אָרֶעם, אוּנְד בְּלִינְד, אוּנְד נַאקֶעט׃

18 אִיךְ וֶועל דִיר אֵיין עֵצָה גֶעבֶּען אַז דוּא זָאלְסְט בֵּייא מִיר קוֹיפֶען גָאלְד גֶעלֵייטֶערְט אִין דֶעם פֵייעֶר, אַז דוּא זָאלְסְט רֵייךְ זֵיין, אוּנְד וֵוייסֶע קְלֵיידֶער, אַז דוּא זָאלְסְט דִיךְ אָנְקְלֵיידֶען, אוּנְד אַז דֵיינֶע בְּלוֹיסֶע שַׁאנְד זָאל נִיט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, אוּנְד זַאלְבּ דֵיינֶע אוֹיגֶען מִיט אוֹיגֶען־זַאלְבּ, אַז דוּא זָאלְסְט זֶעהֶען׃

19 דִיא וָואס אִיךְ הָאבּ לִיבּ טְהוּא אִיךְ שְׁטְרָאפֶען אוּנְד צִיכְטִיגֶען, דָארוּם זֵייא פְלֵייסִיג אוּנְד טְהוּא תְּשׁוּבָה׃

20 זֶעה, אִיךְ שְׁטֵייא בֵּייא דֶער טִיר אוּנְד טְהוּא אָנְקְלַאפֶען, וֶוען אֵיינֶער וֶועט הֶערֶען מֵיין קוֹל אוּנְד וֶועט דִיא טִיר עֶפֶענֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ צוּ אִיהְם אַרֵיינְקוּמֶען אוּנְד וֶועל מִיט אִיהְם עֶסֶען, אוּנְד עֶר מִיט מִיר׃

21 דֶער וָואס אִיבֶּערְקוּמְט, דֶעם וֶועל אִיךְ עֶס גֶעבֶּען אַז עֶר זָאל מִיט מִיר זִיצֶען אוֹיף מֵיין שְׁטוּהְל, אַזוֹי וִויא אִיךְ בִּין אִיבֶּערְגֶעקוּמֶען אוּנְד זִיץ מִיט מֵיין פָאטֶער אוֹיף זֵיין שְׁטוּהְל׃

22 וֶוער עֶס הָאט אֵיין אוֹיעֶר דֶער זָאל הֶערֶען וָואס דֶער גֵייסְט זָאגְט צוּ דִיא קְהִלּוֹת׃

## קאפיטעל ד

1 דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד נוּן וַואר אַ טִיר אוֹיפְגֶעמַאכְט אִים הִימֶעל, אוּנְד דָאס עֶרְשְׁטֶע קוֹל וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט וַואר אַ קוֹל פוּן אַ שׁוֹפָר, אוּנְד עֶס הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, קוּם הִיר אַרוֹיף, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר וַוייזֶען וָואס עֶס מוּז דֶערְנָאךְ גֶעשֶׁעהֶען׃

2 אוּנְד אִיךְ בִּין בַּאלְד גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם גֵייסְט, אוּנְד נוּן אִיז אַ שְׁטוּהְל גֶעשְׁטַאנֶען אִים הִימֶעל, אוּנְד אֵיינֶער אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל׃

3 אוּנְד דֶער וָואס אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען אִיז גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ יַשְׁפֵה אוּנְד פוּן אַ רוּבִּין־שְׁטֵיין, אוּנְד אַ רֶעגֶען־בּוֹיגֶען וַואר אַרוּם דֶעם שְׁטוּהְל גְלֵייךְ וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ שְׁמוּרַאק׃

4 אוּנְד אַרוּם דֶעם שְׁטוּהְל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג שְׁטוּהְלֶען, אוּנְד אוֹיף דִיא שְׁטוּהְלֶען הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען זִיצֶען פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג זְקֵנִים, גֶעקְלֵיידֶעט אִין וֵוייסֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאט גָאלְדֶענֶע קְרוֹינֶען אוֹיף זֵיירֶע קֶעפּ׃

5 אוּנְד פוּן דֶעם שְׁטוּהְל זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען בְּלִיצֶען אוּנְד דוּנֶערֶען, אוּנְד קוֹלוֹת, אוּנְד זִיבֶּען פְלַאקֶערֶען פוּן פֵייעֶר הָאבֶּען גֶעבְּרֶענְט פַאר דֶעם שְׁטוּהְל, וָואס זֶענֶען דִיא זִיבֶּען גֵייסְטֶער פוּן גָאט׃

6 אוּנְד פַאר דֶעם שְׁטוּהְל אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גְלֶעזֶערְנֶעס יַם גְלֵייךְ וִויא קְרִיסְטָאל, אוּנְד אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם שְׁטוּהְל אוּנְד אַרוּם דֶעם שְׁטוּהְל זֶענֶען

גֶעוָועזֶען פִּיעֶר חַיוֹת פוּל מִיט אוֹיגֶען פוּן פָארֶענְט אוּנְד פוּן הִינְטֶען:

7 אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע חַיָה וַואר וִויא אַ לֵייבּ, אוּנְד דִיא צְוֵוייטֶע חַיָה וִויא אַ קַאלְבּ, אוּנְד דִיא דְרִיטֶע חַיָה הָאט גֶעהַאט אַ פָּנִים וִויא פוּן אַ מֶענְשׁ, אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דִיא פִירְטֶע חַיָה וַואר וִויא אַיין אָדְלֶער וָואס פְלִיהְט:

8 אוּנְד דִיא פִּיעֶר חַיוֹת הָאבֶּען גֶעהַאט אִיטְלִיכֶע זֶעקְס פְלִיגְלֶען אַרוּם זִיךְ, אוּנְד פוּן אִינֶעוֵוייִנִיג פוּל מִיט אוֹיגֶען אַרוּם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע רוּהֶע טָאג אוּנְד נַאכְט, אוּנְד זֵייא זָאגֶען, הֵיילִיג, הֵיילִיג, הֵיילִיג, אִיז דֶער הַאר גָאט, דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער, וָואס אִיז גֶעוָועזֶען, אוּנְד וָואס אִיז, אוּנְד וָואס וֶועט קוּמֶען:

9 אוּנְד וֶוען דִיא חַיוֹת הָאבֶּען גֶעגֶע־בֶּען כָּבוֹד אוּנְד לוֹיבּ אוּנְד דַאנְק צוּ דֶעם וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל, וָואס לֶעבְּט פִיר אַלֶע אֵייבִּיג־קֵייטֶען:

10 אַזוֹי זֶענֶען דִיא פִּיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג זְקֵנִים אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען פַאר דֶעם וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶעם וָואס לֶעבְּט פִיר אַלֶע אֵייבִּיגְקֵיי־טֶען, אוּנְד הָאבֶּען אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט זֵייעֶרֶע קְרוֹינֶען פַאר דֶעם שְׁטוּהְל, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט:

11 דוּא, אוּנְזֶער הַאר אוּנְד גָאט, בִּיזְט דֶער וֶוערְדִיגֶער צוּ דֶערְהַאלְטֶען כָּבוֹד אוּנְד לוֹיבּ אוּנְד מַאכְט, וָוארִין דוּא הָאסְט אַלֶעס בֶּעשַׁאפֶען, אוּנְד דוּרְךְ דַיין וִוילֶען זֶענֶען זֵייא גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֶענֶען בֶּעשַׁאפֶען:

## קאפיטעל ה

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אִין דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן דֶעם וָואס אִיז גֶעוָועזֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל אַ בּוּךְ בֶּעשְׁרִיבֶּען פוּן אִינֶעוֵוייִנִיג אוּנְד פוּן אוֹיסֶעוֵוייִנִיג, אוּנְד פַארְזִיגֶעלְט מִיט זִיבֶּען זִיגֶעלְן:

2 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ שְׁטַארְ־קֶען מַלְאָךְ וָואס הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, וֶוער אִיז וֶוערְט דָאס בּוּךְ אוֹיפְצוּמַאכֶען, אוּנְד אוֹיפְצוּבְּרֶעכֶען דִיא חֲתִימוֹת דֶערְפוּן:

3 אוּנְד קֵיינֶער, נִיט אוֹיף דֶעם הִימֶעל אוּנְד נִיט אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנְד אוּנְטֶער דֶער עֶרְד, הָאט נִיט גֶעקֶענְט אוֹיפְמַאכֶען דָאס בּוּךְ, אוּנְד נִיט אַמָאל דְרִינֶען זֶעהֶען:

4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֶעהְר גֶעוֵויינְט, וַוייל קֵיינֶער וַואר נִיט גֶעפוּנֶען וָואס אִיז וֶוערְט גֶעוָועזֶען אוֹיפְצוּמַאכֶען אוּנְד צוּ לֶעזֶען דָאס בּוּךְ אוּנְד עֶס אָנְצוּ־זֶעהֶען:

5 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא זְקֵנִים הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, וֵויין נִיט, זֶעה, דֶער לֵייבּ וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן שֵׁבֶט יְהוּדָה, דִיא וָוארְצֶעל פוּן דָוִד, עֶר הָאט בֵּייגֶעקוּמֶען, אַז עֶר זָאל אוֹיפְמַאכֶען דָאס בּוּךְ, אוּנְד זָאל אוֹיפְחַתְמֶענֶען דִיא זִיבֶּען חֲתִימוֹת דֶערְפוּן:

6 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, צְוִוישֶׁען דֶעם שְׁטוּהְל אוּנְד דִיא פִּיעֶר חַיוֹת, אוּנְד צְוִוישֶׁען דִיא זְקֵנִים, אִיז גֶעשְׁטַא־נֶען אַ לַאם וִויא גֶעשָׁאכְטֶען, אוּנְד עֶס הָאט גֶעהַאט זִיבֶּען הֶערְנֶער אוּנְד זִיבֶּען אוֹיגֶען, וָואס זֵייא זֶענֶען דִיא זִיבֶּען גֵייסְטֶער פוּן גָאט וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט צוּ דֶער גַאנְצֶער עֶרְד:

7 אונְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען דָאס בּוּךְ פוּן דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן דֶעם וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל׃

8 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶענוּמֶען דָאס בּוּךְ, אַזוֹי זֶענֶען דִיא פִיעֶר חַיוֹת אוּנְד דִיא פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג זְקֵנִים אַנִידֶערְ־גֶעפַאלֶען פַאר דֶעם לַאם, אוּנְד אִיטְלִיכֶער פוּן זֵייא הָאט גֶעהַאט אַ פִידֶעל, אוּנְד גָאלְדֶענֶע בֶּעקֶענְס פוּל מִיט קְטוֹרֶת, וָואס זֵייא זֶענֶען דִיא תְּפִילוֹת פוּן דִיא הֵיילִיגֶע׃

9 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזוּנְגֶען אַ נֵייעֶס גֶעזַאנְג, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט וֶוערְט צוּ נֶעמֶען דָאס בּוּךְ, אוּנְד צוּ עֶפְּעֶנֶען דִיא חֲתִימוֹת דֶערְפוּן, וָוארִין דוּא בִּיסְט גֶעשָׁאכְטֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאסְט אוּנְס אָפְּגֶעקוֹיפְט צוּ גָאט מִיט דֵיין בְּלוּט, פוּן אַלֶערְלֵייא מִשְׁפָּחוֹת אוּנְד שְׁפְּרַאכֶען, אוּנְד פֶעלְקֶער, אוּנְד גּוֹיִם׃

10 אוּנְד הָאסְט אוּנְס גֶעמַאכְט פַאר קֶענִיגֶע אוּנְד כּוֹהֲנִים צוּ גָאט, אוּנְד מִיר וֶועלֶען הֶערְשֶׁען אוֹיף דֶער עֶרְד׃

11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן פִילֶע מַלְאָכִים אַרוּם דֶעם שְׁטוּהְל אוּנְד דִיא חַיוֹת אוּנְד דִיא זְקֵנִים, אוּנְד זֵייעֶר צָאל וַואר צֶעהְן טוֹיזֶענְד מָאל צֶעהְן טוֹיזֶענְד אוּנְד פִיל טוֹיזֶענְד מָאל טוֹיזֶענְד׃

12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, דָאס לַאם וָואס וַואר גֶעשָׁאכְטֶען אִיז וֶוערְט צוּ דֶערְהַאלְטֶען מַאכְט, אוּנְד רֵייכְטְהוּם, אוּנְד קְלוּגְשַׁאפְט, אוּנְד קְרַאפְט, אוּנְד עֶהְרֶע, אוּנְד לוֹיבּ, אוּנְד בְּרָכוֹת׃

13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אִיטְלִיכֶעס בֶּעשֶׁעפֶענִיס וָואס אִיז אִים הִימֶעל אוּנְד אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד וָואס אִיז אִין דֶעם יַם, אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז אִין זֵייא, הָאבּ אִיךְ זֵייא גֶעהֶערְט אַזוֹי זָאגֶען, צוּ דֶעם וָואס זִיצְט אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל אוּנְד צוּ דֶעם לַאם זָאל זֵיין דִיא בְּרָכָה, אוּנְד עֶהְרֶע, אוּנְד לוֹיבּ, אוּנְד מַאכְט, פִיר אַלֶע אֵייבִּיגְקֵייטֶען׃

14 אוּנְד דִיא פִיעֶר חַיוֹת הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אָמֵן, אוּנְד דִיא פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג זְקֵנִים זֶענֶען אַנִידֶער גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵייעֶר פָּנִים, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶעם וָואס לֶעבְּט פִיר אַלֶע אֵייבִּיגְקֵייטֶען׃

## קאַפּיטעל ו

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען וֶוען דָאס לַאם הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט אֵיינְס פוּן דִיא חֲתִימוֹת, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט, אֵיינֶע פוּן דִיא פִיעֶר חַיוֹת זָאגֶען מִיט אַ קוֹל פוּן אַ דוּנֶער, קוּם אוּנְד זֶעה׃

2 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד עֶס וַואר אַ וַוייס פֶערְד, אוּנְד דֶער וָואס אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען הָאט גֶעהַאט אַ בּוֹיגֶען אִין זֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶס וַואר צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אַ קְרוֹין, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּנְד בֵּייגֶעקוּמֶען, אוּנְד אַז עֶר זָאל בֵּייקוּמֶען׃

3 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דִיא צְוֵוייטֶע חֲתִימָה, הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט דִיא צְוֵוייטֶע חַיָה זָאגֶען, קוּם אוּנְד זֶעה׃

4 אוּנְד עֶס אִיז אַרוֹיס גֶעקוּמֶען אַ צְוֵוייטֶעס פֶערְד, אַ רוֹיטֶעס, אוּנְד צוּ דֶעם וָואס אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אַז עֶר זָאל אַוֶועק נֶעמֶען שָׁלוֹם פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד אַז זֵייא זָאלֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען

אוּמבְּרֶענְגֶען, אוּנְד עֶס וַואר אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אַ גְרויסֶעס שְׁוֶוערְד:

5 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אויפְגֶעמַאכְט דִיא דְרִיטֶע חתִימָה, הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט דִיא דְרִיטֶע חַיָה זָאגֶען, קוּם אוּנְד זֶעה, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד דָא וַואר אַ שְׁוַוארְץ פֶערְד, אוּנְד דֶער וָואס אִיז דְרויף גֶעזֶעסֶען הָאט גֶע־הַאט אַ וָואג־שָׁאל אִין זַיינֶע הַאנְד:

6 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ קוֹל פוּן צְווִישֶׁען דִיא פִיעֶר חַיוֹת אוּנְד עֶס הָאט גֶעזָאגְט, אַ מָאס ווַייץ פַאר אַ גִילְדֶען, אוּנְד דְרַייא מָאס גֶערְשְׁטֶען פַאר אַ גִילְדֶען, אוּנְד פַארְדַארְבּ נִיט דָאס אֵייל אוּנְד דֶעם ווַיין:

7 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אויפְגֶעמַאכְט דִיא פִירְטֶע חַתִימָה, הָאבּ אִיךְ גֶע־הֶערְט דָאס קוֹל פוּן דִיא פִירְטֶע חַיָה וָואס הָאט גֶעזָאגְט, קוּם אוּנְד זֶעה:

8 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד דָא וַואר אַ בְּלֵייךְ פֶערְד, אוּנְד דֶער וָואס אִיז דְרויף גֶעזֶעסֶען זַיין נָאמֶען וַואר טוֹיט, אוּנְד דֶער שְׁאוֹל הָאט אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט, אוּנְד צוּ זַייא וַואר גֶע־גֶעבֶּען מַאכְט אִיבֶּער דֶעם פִירְטֶען טֵייל פוּן דֶער עֶרְד, זַייא זָאלֶען אוּמ־בְּרֶענְגֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד אוּנְד מִיט הוּנְגֶער אוּנְד מִיט דֶעם טוֹיט, אוּנְד דוּרְךְ דִיא חַיוֹת פוּן דֶער עֶרְד:

9 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אויפְגֶעמַאכְט דִיא פִיפְטֶע חַתִימָה, הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער דֶעם מִזְבֵּחַ דִיא נְשָׁמוֹת פוּן דִיא וָואס זֶענֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוא־רֶען וֶועגֶען דֶעם וָוארְט פוּן גָאט, אוּנְד וֶועגֶען דֶעם צֵייגֶענִים וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען:

10 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ הויךְ קוֹל אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דוּא הֵיילִיגֶער אוּנְד וָוארְהַאפְטִיגֶער הַאר, וִויא לַאנְג וֶועסְט דוּא נִיט רִיכְטֶען אוּנְד דִיךְ נוֹקֵם זַיין פַאר אוּנְזֶער בְּלוּט אָן דִיא וָואס וְואוֹינֶען אויף דֶער עֶרְד?

11 אוּנְד עֶס וַואר גֶעגֶעבֶּען צוּ אִיטְ־לִיכֶען פוּן זַייא ווַייסֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶס אִיז צוּ זַייא גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען אַז זַייא זָאלֶען זַיין רוּהִיג נָאךְ אַ קוּרְצֶע צַייט, בִּיז עֶס וֶועט דֶערְפִילְט וֶוערֶען דִיא צָאל פוּן זַיירֶע פְרַיינְדֶע אוּנְד זַיירֶע בְּרִידֶער, וָואס זַייעֶר סוֹף אִיז אויךְ זַייא זָאלֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען אַזוֹי וִויא זַייא:

12 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען וֶוען עֶר הָאט אויפְגֶעמַאכְט דִיא זֶעקְסְטֶע חַתִימָה, אַזוֹי וַואר אַ גְרוֹים עֶרְד־צִיטֶערְנִיס, אוּנְד דִיא זוּן אִיז שְׁוַוארְץ גֶעוָוארֶען וִויא אַ זַאק פוּן הָאר, אוּנְד דִיא לְבָנָה אִיז גֶעוָוארֶען וִויא בְּלוּט:

13 אוּנְד דִיא שְׁטֶערֶען פוּן דֶעם הִימֶעל זֶענֶען אויף דֶער עֶרְד אַרוּפְגֶע־פַאלֶען, אַזוֹי וִויא אַ פֵייגֶען־בּוֹים וַוארְפְט אַרוּפ זַיינֶע בְּלֶעטֶער, וֶוען עֶר וֶוערְט גֶעשָׁאקֶעלְט פוּן אַ גְרויסֶען ווִינְד:

14 אוּנְד דֶער הִימֶעל אִיז פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען וִויא אַ צוּגֶעווִיקֶעלְטֶעס בּוּךְ (מְגִילָה), אוּנְד אִיטְלִיכֶער בַּארְג אוּנְד אִינְזֶעל זֶענֶען בֶּעוֶועגְט גֶעוָוארֶען פוּן זַיירֶע עֶרְטֶער:

15 אוּנְד דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד דִיא גְרויסֶע לֵייט, אוּנְד דִיא רֵייכֶע לֵייט, אוּנְד דִיא הויפְּטלֵייט, אוּנְד דִיא מֶעכְטִיגֶע לֵייט, אוּנְד אִיטְ־לִיכֶער קְנֶעכְט, אוּנְד אִיטְלִיכֶער פְרֵייעֶר מֶענְשׁ, הָאבֶּען זִיךְ פַארְבָּארְגֶען אִין

דיא הײלען אונד אין דיא פעלזען פון דיא בערג:

16 אונד זייא האבען געזאגט צו דיא פעלזען, פאלט אויף אונס, אונד בעהאלט אונס פאר דעם פנים פון דעם וואס זיצט אויף דעם שטוהל, אונד פון דעם צארען פון דעם לאם:

17 ווארין דער גרויסער טאג פון זיין צארן איז געקומען, אונד ווער קען בעשטיין?

## קאפיטעל ז

1 אונד דערנאך האב איך געזעהען פיער מלאכים וואס זענען געשטאנען אויף דיא פיער עקען פון דער ערד, אונד זייא האבען געהאלטען דיא פיער ווינדען פון דער ערד, אז דער ווינד זאל ניט בלאזען אויף דער ערד, אונד ניט אויף דעם ים, אונד ניט אויף קיין בוים:

2 אונד איך האב געזעהען אן אנדערען מלאך, וואס איז אויפגעגאנגען פון מזרח־זייט, אונד האט געהאט אין זיינע האנד דיא חתימה פון דעם לעבעדיגען גאט, אונד ער האט געשריגען מיט א הויך קול צו דיא פיער מלאכים וואס עס איז זייא געגעבען צו פערדארבען דיא ערד אונד דאס ים:

3 אונד ער האט געזאגט, פערדארב ניט דיא ערד אונד דאס ים אונד דיא ביימער, ביז מיר וועלען פארחתמענען דיא קנעכט פון אונזער גאט אויף זייערע שטערנס:

4 אונד איך האב געהערט דיא צאל פון דיא וואס ווארען פארחתמעט, הונדערט אונד פיער אונד פערציג טויזענד, וואס זענען פארחתמעט געווארען פון אלע שבטים פון דיא קינדער ישראל:

5 פון שבט יהודה זענען פארחתמעט געווארען צוועלף טויזענד; פון שבט ראובן זענען פארחתמעט געווארען צוועלף טויזענד; פון שבט גד זענען פארחתמעט געווארען צוועלף טויזענד:

6 פון שבט אשר זענען פארחתמעט געווארען צוועלף טויזענד; פון שבט נפתלי זענען פארחתמעט געווארען צוועלף טויזענד; פון שבט מנשה זענען פארחתמעט געווארען צוועלף טויזענד:

7 פון שבט שמעון זענען פארחתמעט געווארען צוועלף טויזענד; פון שבט לוי זענען פארחתמעט געווארען צוועלף טויזענד; פון שבט יששכר זענען פארחתמעט געווארען צוועלף טויזענד:

8 פון שבט זבלון זענען פארחתמעט געווארען צוועלף טויזענד; פון שבט יוסף זענען פארחתמעט געווארען צוועלף טויזענד; פון שבט בנימן זענען פארחתמעט געווארען צוועלף טויזענד:

9 דערנאך האב איך געזעהען, אונד דא וואר א גרויסע מאסע, וואס קיינער האט ניט געקענט ציילען, פון אלע גוים אונד שבטים אונד פעלקער אונד שפראכען, וואס זענען געשטאנען פאר דעם שטוהל אונד פאר דעם לאם, אונד זייא ווארען געקליידעט אין ווייסע קליידער, אונד האבען געהאט אין זייערע הענד לולבין (פון טייטעל ביימער):

10 אונד זייא האבען געשריגען מיט א הויך קול אונד האבען געזאגט, דיא הילף איז צו אונזער גאט, וואס

זִיצְט אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל, אוּנְד צוּ דֶעם לַאם:

11 אוּנְד אַלֶע מַלְאָכִים זֶענֶען גֶע־שְׁטַאנֶען אַרוּם דֶעם שְׁטוּהְל, אוּנְד אַרוּם דִיא זְקֵנִים אוּנְד דִיא פִּיעֶר חַיוֹת, אוּנְד זֶענֶען אַנִידֶער גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵייעֶר פָּנִים פַאר דֶעם שְׁטוּהְל, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ גָאט:

12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אָמֵן! בְּרָכָה, אוּנְד לויבּ, אוּנְד קְלוּגְשַׁאפְט, אוּנְד דַאנְק, אוּנְד כָּבוֹד, אוּנְד מַאכְט, אוּנְד קְרַאפְט, זָאל זַיין צוּ אוּנְזֶער גָאט פִיר אַלֶע אֵייבִּיגְקֵייטֶען, אָמֵן:

13 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא זְקֵנִים הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ מִיר גֶע־זָאגְט, װער זֶענֶען דִיא װָאס זֶענֶען גֶעקְלֵיידֶעט אִין װייסֶע קְלֵיידֶער? אוּנְד פוּן װַאנֶען קוּמֶען זֵייא?

14 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, דוּא װייסְט װָאוִיל, אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט דָאס זֶענֶען דִיא װָאס קוּמֶען אַרוּיס פוּן דֶער גְרוֹיסֶער צָרָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵיירֶע קְלֵיידֶער גֶעװַאשֶׁען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא װייס גֶעמַאכְט, אִין דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם לַאם:

15 דָארוּם זֶענֶען זֵייא פַאר דֶעם שְׁטוּהְל פוּן גָאט, אוּנְד דִינֶען אִיהְם טָאג אוּנְד נַאכְט אִין זַיין פַּאלַאסְט, אוּנְד דֶער װָאס זִיצְט אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל װֶעט הָאבֶּען זַיינֶע װְאוינוּנְג בֵּייא זֵייא:

16 זֵייא װָעלֶען נִיט מֶעהְר הוּנְגֶערִיג זַיין, אוּנְד נִיט מֶעהְר דָארְשְׁטִיג זַיין, אוּנְד דִיא זוּן װֶעט אוֹיף זֵייא נִיט פַאלֶען, אוּנְד אוֹיךְ נִיט קֵיין שׁוּם הִיץ:

17 װָארִין דָאס לַאם װָאס אִיז מִיטֶען פוּן דֶעם שְׁטוּהְל װֶעט זֵייא הִיטֶען, אוּנְד עֶר װֶעט זֵייא פִיהְרֶען בֵּייא קְװֶעלֶען פוּן לֶעבֶּעדִיג װַאסֶער, אוּנְד גָאט װֶעט אָפְּװִישֶׁען אַלֶע טְרֶערֶען פוּן זֵיירֶע אוֹיגֶען:

## קאַפּיטעל ח

1 אוּנְד װֶען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דִיא זִיבֶּעטֶע חֲתִימָה, אַזוֹי װַאר עֶס שְׁטִיל אִים הִימֶעל אַן עֶרֶךְ פוּן אַ הַאלְבֶּע שָׁעָה:

2 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים װָאס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פַאר גָאט, אוּנְד עֶס װַאר זֵייא גֶעגֶעבֶּען זִיבֶּען שׁוֹפְרוֹת:

3 אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער מַלְאָךְ אִיז גֶע־קוּמֶען אוּנְד אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט אַ גָאלְ־דֶענֶע פֵייעֶר־פַּאן, אוּנְד עֶס װַאר אִיהְם גֶעגֶעבֶּען פִיל קְטוֹרֶת, אַז עֶר זָאל עֶס מַקְרִיב זַיין מִיט דִיא תְּפִלּוֹת פוּן דִיא הֵיילִיגֶע, אוֹיף דֶעם גָאלְדֶענֶעם מִזְבֵּחַ װָאס אִיז פַאר דֶעם שְׁטוּהְל:

4 אוּנְד דֶער רוֹיךְ פוּן דֶעם קְטוֹרֶת אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ פַאר גָאט מִיט דִיא תְּפִלּוֹת פוּן דִיא הֵיילִיגֶע פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם מַלְאָךְ:

5 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶענוּמֶען דִיא פֵייעֶר־פַּאן אוּנְד הָאט זִיא אָנְגֶעפִּילְט מִיט פֵייעֶר פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד הָאט עֶס גֶעװָארְפֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶס אִיז גֶעװָארֶען קוֹלוֹת, אוּנְד דוּנֶערֶען, אוּנְד בְּלִיצֶען, אוּנְד עֶרְד־צִיטֶערְנִים:

6 אוּנְד דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים װָאס הָאבֶּען גֶעהַאט דִיא זִיבֶּען שׁוֹפְרוֹת הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ בְּלָאזֶען:

7 אוּנְד דֶער עֶרְשְׁטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען, אוּנְד עֶס אִיז גֶעװָארֶען אַ



האגעל

הָאגֶעל אוּנְד פֵֿייעֶר גֶעמִישְׁט מִיט בְּלוּט, עֶס וַואר גֶעוָוארְפֶֿען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶס אִיז פַֿארבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען דֶער דְרִיטֶער טֵייל פֿוּן דִיא בֵּיימֶער, אוּנְד אַלֶעס גְרִינֶע גְרָאז אִיז פַֿארבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען:

8 אוּנְד דֶער צְווייטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען, אוּנְד וִויא אַ גְרוֹיסֶער בַּארג וָואס בְּרֶענְט מִיט פֵֿייעֶר וַואר אִין יַם אַרַיין גֶעוָוארְפֶֿען, אוּנְד דֶער דְרִיטֶער טֵייל פֿוּן דֶעם יַם אִיז גֶעוָוארֶען בְּלוּט:

9 אוּנְד דֶער דְרִיטֶער טֵייל פֿוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִים וָואס זֶענֶען אִין דֶעם יַם זֶענֶען אוֹיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד דֶער דְרִיטֶער טֵייל פֿוּן דִיא שִׁיפֶֿען זֶענֶען פַֿארְדָארְבֶּען גֶעוָוארֶען:

10 אוּנְד דֶער דְרִיטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען, אוּנְד עֶס אִיז אַרָאפְּגֶעפַֿאלֶען פֿוּן דֶעם הִימֶעל אַ גְרוֹיסֶער שְׁטֶערֶען וָואס הָאט גֶעבְּרֶענְט וִויא אַ פְֿלַאם פֵֿייעֶר, אוּנְד עֶס אִיז גֶעפַֿאלֶען אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טֵייל פֿוּן דִיא טֵייכֶען אוּנְד אוֹיף דִיא קְוֶועלֶען פֿוּן וַואסֶער:

11 אוּנְד דֶער נָאמֶען פֿוּן דֶעם שְׁטֶערֶען וַואר גֶערוּפֶֿען וֶוערְמוּט, אוּנְד דֶער דְרִיטֶער טֵייל פֿוּן דֶעם וַואסֶער אִיז גֶעוָוארֶען בִּיטֶער, אוּנְד פִֿילֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען פֿוּן דֶעם וַואסֶער ווייל זַייא זֶענֶען בִּיטֶער גֶעוָוארֶען:

12 אוּנְד דֶער פִֿירְטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען, אוּנְד עֶס אִיז גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען דֶער דְרִיטֶער טֵייל פֿוּן דִיא זוּן, אוּנְד דֶער דְרִיטֶער טֵייל פֿוּן דִיא לְבָנָה, אוּנְד דֶער דְרִיטֶער טֵייל פֿוּן דִיא שְׁטֶערֶען, בִּיז דֶער דְרִיטֶער טֵייל פֿוּן זַייא אִיז פִֿינְסְטֶער גֶעוָוארֶען, אוּנְד דֶער טָאג הָאט נִיט שֵׁיינֶען זַיין דְרִיטֶען טֵייל, אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ נִיט דִיא נַאכְט:

13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ מַלְאָךְ פְֿלִיהֶען אִין מִיטֶען פֿוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, וֵויא, וֵויא, וֵויא! צוּ דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, פֿוּן וֶועגֶען דִיא אִיבֶּערִיגֶע קוֹלוֹת פֿוּן דִיא שׁוֹפְֿרוֹת וָואס דִיא אִיבֶּערִיגֶע דְרַייא מַלְאָכִים וֶועלֶען נָאךְ בְּלָאזֶען:

## קאפיטעל ט

1 אוּנְד דֶער פִֿינְפְֿטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען מִיט דֶעם שׁוֹפָֿר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ שְׁטֶערֶען אַרוּפְּפַֿאלֶען פֿוּן דֶעם הִימֶעל אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶס וַואר אִיהְם גֶעגֶעבֶּען דִיא שְׁלִיסֶעל פֿוּן דֶעם בְּרוּנֶען פֿוּן אָפְּגְרוּנְד:

2 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְֿגֶעמַאכְט דֶעם בְּרוּנֶען פֿוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד, אוּנְד עֶס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַ רוֹיךְ פֿוּן דֶעם בְּרוּנֶען וִויא פֿוּן אַ גְרוֹיסֶען קַאלְךְ אוֹיבֶען, אוּנְד דִיא זוּן אוּנְד דֶער הִימֶעל זֶענֶען פִֿינְסְטֶער גֶעוָוארֶען פֿוּן דֶעם רוֹיךְ פֿוּן דֶעם בְּרוּנֶען:

3 אוּנְד פֿוּן דֶעם רוֹיךְ זֶענֶען אַרוֹיס גֶעקוּמֶען הֵיישֶׁערֶעקֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶס וַואר זַייא גֶעגֶעבֶּען מַאכְט אַזוֹי וִויא דִיא עֶרְדֶעסֶען־מַאכְט פֿוּן דִיא (עַקְרַבִּים) פֿוּן דֶער עֶרְד:

4 אוּנְד עֶס וַואר צוּ זַייא גֶעזָאגְט אַז זַייא זָאלֶען נִיט פֶֿערְדַארְבֶּען דָאס גְרָאז פֿוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד נִיט קֵיין גְרִינֶעס גְרָאז, אוּנְד נִיט קֵיין בּוֹים, נֵייעֶרְט דִיא מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען נִיט קֵיין הַחֲתִימָה פֿוּן גָאט אוֹיף זֵיירֶע שְׁטֶערֶען:

5 אוּנְד עֶס וַואר זַייא גֶעגֶעבֶּען אַז זַייא זָאלֶען זַייא נִיט טֵייטֶען, נֵייעֶרְט זַייא זָאלֶען זַייא קְוֶועלֶען פִֿינְף חֳדָשִׁים,

אונד

אוּנְד זֵייעֶר װֵייטָאג אִיז װִיא דִיא װֵייטָאג פוּן אַ מֶענְשׁ װָאס װַאר גֶעבִּיסֶען פוּן אֵיין עֶגְרֶעס׃

6 אוּנְד אִין דִיזֶע טֶעג װֶעלֶען מֶענְשֶׁען זוּכֶען דֶעם טוֹיט אוּנְד װֶעלֶען אִיהְם נִיט גֶעפִינֶען, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען פַארְלַאנְגֶען צוּ שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דֶער טוֹיט װֶעט פוּן זֵייא עֶנְטְלוֹיפֶען׃

7 אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דִיא הֵיישֶׁעְ־רֶעקֶען אִיז גֶעװֶעזֶען גְלֵייךְ צוּ פֶערְד װָאס זֶענֶען בֶּערֵייט צוּ דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד אוֹיף זֵייעֶרֶע קֶעפּ אִיז גֶעװֶעזֶען װִיא גָאלְדֶענֶע קְרוֹינֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע פֶּענֶעמֶער װַאר װִיא דָאס פָּנִים פוּן מֶענְשֶׁען׃

8 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאט הָאר װִיא דִיא הָאר פוּן װֵייבֶּער, אוּנְד זֵייעֶרֶע צֵיין זֶענֶען גֶעװֶעזֶען װִיא דִיא צֵיין פוּן לֵייבֶּען׃

9 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאט פַּאנְצֶערְס װִיא פַּאנְצֶערְס פוּן אֵייזֶען, אוּנְד דָאס קוֹל פוּן זֵייעֶרֶע פְלִיגֶלֶען אִיז גֶעװֶעזֶען װִיא דָאס קוֹל פוּן רֵייט־װֶעגֶען מִיט פִילֶע פֶערְד, װָאס לוֹיפֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה׃

10 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאט שְׁװֶענְץ װִיא עֶגְרֶעסֶען אוּנְד עֶס װַאר שְׁטֶעכִיגֶע שְׁפִּיצֶען אִין זֵייעֶרֶע שְׁװֶענְץ, אוּנְד זֵייעֶרֶע מַאכְט װַאר צוּ פֵּיינִיגֶען דִיא מֶענְשֶׁען פִינְף חֳדָשִׁים׃

11 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ פוּן דֶעם אָפְּ־גְרוּנְד אִיז גֶעװֶעזֶען זֵייעֶר קֶענִיג, װָאס זֵיין נָאמֶען אִיז אוֹיף לְשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ אַבַדוֹן, אוּנְד אוֹיף גְרִיכֶעשׁ אַפָּאלְיָאן׃

12 אֵיין װֵייא אִיז פַארבֵּייא גֶעגַאנְגֶען; אוּנְד אַ צְװֵייטֶער אוּנְד דְרִיטֶער װֵייא װֶעט נָאךְ דֶעם קוּמֶען׃

13 אוּנְד דֶער זֶעקְסְטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען מִיט דֶעם שׁוֹפָר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ קוֹל פוּן דִיא פִּיעֶר עֶקֶען פוּן דֶעם גָאלְדֶענֶעם מִזְבֵּחַ װָאס אִיז פַאר גָאט׃

14 װָאס הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם זֶעקְסְטֶען מַלְאָךְ װָאס הָאט גֶעהַאט דֶעם שׁוֹפָר אִין זֵיינֶע הַאנְד, בִּינְד אוֹיף דִיא מַלְאָכִים װָאס זֶענֶען גֶעבּוּנְדֶען בֵּייא דֶעם גְרוֹיסֶען טֵייךְ פְּרָת׃

15 אוּנְד דִיא פִּיעֶר מַלְאָכִים זֶענֶען אוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען גֶעװָארֶען, װָאס װַארֶען אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר אֵיין שָׁעָה אוּנְד אֵיין טָאג, אוּנְד אֵיין חוֹדֶשׁ אוּנְד אֵיין יָאהְר, אַז זֵייא זָאלֶען אוּמְבְּרֶענְגֶען דֶעם דְרִיטֶען טֵייל פוּן דִיא מֶענְשֶׁען׃

16 אוּנְד דִיא צָאל פוּן דִיא הֶערְשַׁאר פוּן דִיא רֵייטֶער אִיז גֶעװֶעזֶען צְװֵייא הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד מָאל טוֹיזֶענְד, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט זֵייעֶר צָאל׃

17 אוּנְד אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אִין דֶער זֶעהוּנְג, דִיא פֶערְד אוּנְד דִיא רֵייטֶערְס װָאס זֵייעֶרֶע פַּאנְצֶערְס זֶענֶען גֶעװֶעזֶען פוּן פֵייעֶר אוּנְד פוּן פִינְקֶעל־שְׁטֵיין אוּנְד פוּן שְׁװֶעבֶּעל, אוּנְד דִיא קֶעפּ פוּן דִיא פֶערְד זֶענֶען גֶעװֶעזֶען װִיא קֶעפּ פוּן לֵייבֶּען, אוּנְד פוּן זֵייעֶרֶע מֵיילֶער אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פֵייעֶר אוּנְד רוֹיךְ אוּנְד שְׁװֶעבֶּעל׃

18 דוּרְךְ דִיזֶע דְרֵייא אִיז דֶער דְרִיטֶער טֵייל פוּן דִיא מֶענְשֶׁען אוּמְגֶעבְּרַאכְט גֶעװָארֶען, פוּן דֶעם פֵייעֶר אוּנְד פוּן דֶעם רוֹיךְ אוּנְד פוּן דֶעם שְׁװֶעבֶּעל װָאס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן זֵייעֶרֶע מֵיילֶער׃

19 װָארִין דִיא קְרַאפְט פוּן דִיא פֶערְד אִיז אִין זֵייעֶרֶע מֵיילֶער, אוּנְד אִין זֵייעֶרֶע שְׁװֶענְץ, װָארִין זֵייעֶרֶע שְׁװֶענְץ זֶענֶען װִיא שְׁלַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען קֶעפּ,

אוּנְד

אוּנְד מִיט זֵייא טְהוּן זֵייא פֶערְדַארְבֶּען׃

20 אוּנְד דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען נִיט אוּמְגֶעקוּמֶען מִיט דִיזֶע פְּלָאג, הָאבֶּען זִיךְ דָאךְ נִיט אוּמְגֶעקֶערְט פוּן דִיא מַעֲשִׂים פוּן זֵייעֶרֶע הֶענְד, אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ נִיט בִּיקֶען צוּ דִיא שֵׁדִים, אוּנְד צוּ אָפְּגֶעטֶטֶער פוּן גָאלְד, אוּנְד פוּן זִילְבֶּער, אוּנְד פוּן קוּפֶּער, אוּנְד פוּן שְׁטֵיין, אוּנְד פוּן הָאלְץ, וָואס קֶענֶען נִיט זֶעהֶען אוּנְד נִיט הֶערֶען אוּנְד נִיט אַרוּמְגֵיין׃

21 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן פוּן זֵייעֶרֶע מֶערְדֶערֵייא, אוּנְד פוּן זֵייעֶרֶע צוֹיבֶּערֵייא (כִּישׁוּף), אוּנְד פוּן זֵייעֶרֶע הוּרֶערֵייא (זְנוּת), אוּנְד פוּן זֵייעֶרֶע גְנֵבוֹת׃

## קאפיטעל י

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיין אַנְדֶערְן שְׁטַארְקֶען מַלְאָךְ אַרוּפְּקוּמֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אָנְגֶעטְהוּן אִין אַ וָואלְקֶען, אוּנְד אוֹיף זֵיין קָאפּ וַואר אַ רֶעגֶען־בּוֹיגֶען, אוּנְד אוֹיף זֵיין פָּנִים וַואר וִויא דִיא זוּן, אוּנְד זֵיינֶע פִּיס וִויא פֵייעֶרְדִיגֶע זֵיילֶען׃

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט אִין זֵיינֶע הַאנְד אַ קְלֵיין בִּיכֶעל וָואס וַואר אָפֶּען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט זֵיין רֶעכְטֶען פוּס אוֹיף דֶעם יַם, אוּנְד זֵיין לִינְקֶען פוּס אוֹיף דֶער עֶרְד׃

3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל אַזוֹי וִויא אַ לֵייבּ בְּרוּמְט, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אַזוֹי הָאבֶּען זִיבֶּען דוּנֶערְם אַרוֹיסְגֶעלָאזְט זֵייעֶרֶע קוֹלוֹת׃

4 אוּנְד וֶוען דִיא זִיבֶּען דוּנֶערְם הָאבֶּען זֵייעֶרֶע קוֹלוֹת אַרוֹיסְגֶעלָאזְט, הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט שְׁרֵייבֶּען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ קוֹל פוּן הִימֶעל וָואס הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, פַארְזִיגֶעל דָאס וָואס דִיא זִיבֶּען דוּנֶערְם הָאבֶּען גֶערֶעט, אוּנְד שְׁרֵייבּ זֵייא נִיט׃

5 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען שְׁטֵיין אוֹיף דֶעם יַם אוּנְד אוֹיף דֶער עֶרְד, הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיינֶע הַאנְד קֶעגֶען דֶעם הִימֶעל׃

6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁוָואוֹירֶען בֵּייא דֶעם וָואס לֶעבְּט אִין אַלֶע אֵייבִּיגְקֵייטֶען, וָואס הָאט בֶּעשַׁאפֶען דִיא הִימֶעלְן אוּנְד וָואס אִיז אִין זֵייא, אוּנְד דִיא עֶרְד אוּנְד דָאס וָואס אִיז אִין אִיהְר, אוּנְד דָאס יַם אוּנְד דָאס וָואס אִיז דָארִין, אַז עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר פַארְהַאנְדֶען זֵיין קֵיין צֵייט׃

7 אָבֶּער אִין דִיא טֶעג פוּן דֶעם קוֹל פוּן דֶעם זִיבֶּעטֶען מַלְאָךְ, וֶוען עֶר וֶועט אָנְהֵייבֶּען צוּ בְּלָאזֶען, אַזוֹי וֶועט זִיךְ דָאס גֶעהֵיימֶענִים פוּן גָאט אוֹיסְלָאזֶען, וִויא עֶר הָאט אָנְגֶעזָאגְט דוּרְךְ זֵיינֶע קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים׃

8 אוּנְד דָאס קוֹל וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן הִימֶעל הָאט וִוידֶער צוּ מִיר גֶערֶעט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא אוּנְד נֶעם דָאס קְלֵיינֶע בִּיכֶעל וָואס אִיז אִין דֶער הַאנְד פוּן דֶעם מַלְאָךְ, וָואס שְׁטֵייט אוֹיף דֶעם יַם אוּנְד אוֹיף דֶער עֶרְד׃

9 אוּנְד אִיךְ בִּין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּם מַלְאָךְ אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גִיבּ מִיר דָאס בִּיכֶעל, אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, נֶעם אוּנְד עֶס אוֹיף, אוּנְד עֶס וֶועט דֵיין בּוֹיךְ בִּיטֶער מַאכֶען, אָבֶּער אִין דֵיין מוֹיל וֶועט עֶס זֵיין זִיס וִויא הָאנִיג׃

10 אוּנְד וִויא אִיךְ הָאבּ עֶס אוֹיפְגֶעגֶע־
גֶעסֶען אַזוֹי אִיז מֵיין בּוֹיךְ בִּיטֶער
גֶעוָוארֶען ׃

11 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
דוּא מוּסְט דִיךְ ווִידֶער אוּמְקֶעהְרֶען אוּנְד
נְבוּאוֹת זָאגֶען אוֹיף פִילֶע פֶעלְקֶער,
אוּנְד גוֹיִם, אוּנְד שְׁפְּרַאכֶען, אוּנְד
מְלָכִים ׃

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד עֶס וַואר צוּ מִיר גֶעגֶעבֶּען אַ
רִיטֶעל גְלֵייךְ וִויא אַ שְׁטֶעקֶען, אוּנְד דֶער
מַלְאָךְ הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד מֶעסְט דֶעם
הֵיכָל פוּן גָאט, אוּנְד דֶעם מִזְבֵּחַ,
אוּנְד דִיא וָואס בֶּעטֶען גָאט דְרִינֶען ׃

2 אוּנְד דֶעם הוֹיף וָואס אִיז פוּן
אוֹיסֶעווֵוייניג פוּן דֶעם הֵיכָל זָאלְסְט
דוּא אָפְּשֵׁיידֶען אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס
נִיט מֶעסְטֶען, וָוארִין עֶר אִיז גֶעגֶעבֶּען
צוּ דִיא גוֹיִם, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
צוּטְרֶעטֶען דִיא הֵיילִיגֶע שְׁטָאט צְווֵייא
אוּנְד פִירְצִיג חֳדָשִׁים ׃

3 אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען צוּ מֵיינֶע
צְווֵייא עֵדוּת אַז זֵייא זָאלֶען נְבוּאוֹת
זָאגֶען טוֹיזֶענְד צְווֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד
זֶעכְצִיג טֶעג, אָנְגֶעטְהוּן אִין זֶעק ׃

4 דָאס זֶענֶען דִיא צְווֵייא אֵייל־בֵּיימֶער,
אוּנְד דִיא צְווֵייא מְנוֹרוֹת וָואס שְׁטֵייעֶן
פַאר דֶעם גָאט פוּן דֶער עֶרְד ׃

5 אוּנְד וֶוען אֵיינֶער וִויל זֵייא
עֶפֶּעס שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן אַזוֹי גֵייט אַרוֹיס
אַ פֵייעֶר פוּן זֵייעֶר מוֹיל אוּנְד פֶערְ־
בְּרֶענְט זֵייעֶרֶע פֵיינְד, אוּנְד וֶוען אֵיינֶער
וִויל זֵייא פֶערְדַארְבֶּען, אַזוֹי מוּז עֶר
אוּמְגֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען ׃

6 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מַאכְט דֶעם
הִימֶעל צוּ פֶערְשְׁלִיסֶען, אַז עֶס זָאל
נִיט רֶעגֶענֶען אִין דִיא טֶעג פוּן זֵייעֶר
נְבִיאוּת זָאגֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען גֶע־
וֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער דֶעם וַואסֶער אַז
זֵייא זָאלֶען עֶס פַארְקֶערֶען צוּ בְּלוּט,
אוּנְד אוֹיף דֶער עֶרְד אַז זֵייא זָאלֶען
זֵייא קֶענֶען שְׁלָאגֶען מִיט אַלֶערְלֵייא
פְּלָאג אַזוֹי אָפְט וִויא זֵייא אַלֵיין
ווִילֶען ׃

7 אוּנְד וֶוען זֵייא וֶועלֶען עֶנְדִיגֶען
זֵייעֶר צֵייגֶענִיס, אַזוֹי וֶועט דִיא חַיָה
וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד
מִיט זֵייא מִלְחָמָה הַאלְטֶען, אוּנְד וֶועט
זֵייא בֶּייקוּמֶען אוּנְד וֶועט זֵייא אוּמְ־
בְּרֶענְגֶען ׃

8 אוּנְד זֵייעֶרֶע טוֹיטֶע לֵייבֶּער וֶועלֶען
זִיךְ וַואלְגֶערֶען אוֹיף דֶער גַאס פוּן
דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאט, וָואס וֶוערְט
גֵייסְטְלִיךְ אָנְגֶערוּפֶען סְדוֹם אוּנְד מִצְרַיִם,
וָואס דָארְטֶען אִיז אוֹיךְ דֶער הַאר גֶע־
קְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען ׃

9 אוּנְד פִילֶע פוּן דִיא פֶעלְקֶער אוּנְד
שְׁבָטִים אוּנְד שְׁפְּרַאכֶען אוּנְד גוֹיִם
וֶועלֶען זֶעהֶען זֵייעֶרֶע טוֹיטֶע לֵייבֶּער
דְרֵייא טֶעג אוּנְד אַ הַאלְבּ, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען נִיט לָאזֶען בֶּעגְרַאבֶּען זֵייעֶרֶע
לֵייבֶּער ׃

10 אוּנְד דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער
עֶרְד וֶועלֶען זִיךְ אִיבֶּער זֵייא דֶערפְרֵייעֶן,
אוּנְד וֶועלֶען זִיךְ לָאזֶען וְואוֹיל גֵיין, אוּנְד
וֶועלֶען שִׁיקֶען מַתָּנוֹת אֵיינֶער דֶעם
אַנְדֶערְן, ווֵייל דִיזֶע צְווֵייא נְבִיאִים
הָאבֶּען גֶעפְּלָאגְט דִיא וָואס וְואוֹינֶען
אוֹיף דֶער עֶרְד ׃

11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִין נָאךְ
דְרֵייא טֶעג אוּנְד אַ הַאלְבּ אִיז אִין
זֵייא אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען דֶער גֵייסְט פוּן
לֶעבֶּען פוּן גָאט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען

גֶעשְׁטַאנֶען אויף זֵייעֶרע פִּיס, אוּנְד אַ מוֹרָא
אִיז גֶעפַאלֶען אויף אַלֶע דִיא וָואס
הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעהֶען׃
12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַ הוֹיךְ
קוֹל פוּם הִימֶעל וָואס הָאט צוּ זֵייא
גֶערֶעט, קוּמְט אַהֶער אַרוֹיף, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען מִיט אַ וָואלְקֶען אִין דֶעם הִימֶעל
אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא אוֹיגֶען פוּן
זֵייעֶרֶע פֵיינְד הָאבֶּען עֶס צוּגֶעזֶעהֶען׃
13 אוּנְד אִין דֶערְזֶעלְבֶּער צֵייט אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶער שְׁטוּרֶעם, אוּנְד
עֶס אִיז אֵיינְגֶעפַאלֶען דֶער צֶעהְנְטֶער
טֵייל פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד זִיבֶּען
טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען נָאךְ דֶער צָאהְל פוּן
זֵייעֶרֶע נֶעמֶען זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען אִין
דִיזֶען שְׁטוּרֶעם, אוּנְד דִיא אִיבֶּערְגֶע־
בְּלִיבֶּענֶע הָאט אָנְגֶענוּמֶען אַ צִיטֶערְנִיש,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָפְּגֶעגֶעבֶּען כָּבוֹד צוּ
גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל׃
14 דָאס צְוֵוייטֶע וֵוייא אִיז שׁוֹין פַארְ־
בֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דָאס דְרִיטֶע וֵוייא
וֶועט בַּאלְד קוּמֶען׃
15 אוּנְד דֶער זִיבֶּעטֶער מַלְאָךְ הָאט
גֶעבְּלָאזֶען מִיט דֶעם שׁוֹפָר, אוּנְד עֶס
אִיז גֶעוָוארֶען גְרוֹיסֶע קוֹלוֹת אִים
הִימֶעל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
נוּן זֶענֶען דִיא קֶענִיגְרֵייכֶען פוּן דֶער
וֶועלְט גֶעוָוארֶען דִיא קֶענִיגְרֵייכֶען פוּן
אוּנְזֶער הַאר אוּנְד פוּן זֵיין מָשִׁיחַ,
אוּנְד עֶר וֶועט רֶעגִירֶען פִיר אַלֶע
אֵייבִּיגְקֵייטֶען׃
16 אוּנְד דִיא פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג
זְקֵנִים וָואס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען פַאר גָאט
אויף זֵייעֶרֶע שְׁטוּהְלֶען, זֶענֶען גֶעפַאלֶען
אויף זֵייעֶר פָּנִים אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶע־
בִּיקְט צוּ גָאט׃
17 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט מִיר
דַאנְקֶען דִיר הַאר, גָאט, פוּן אַלֶע
הֶערְשַׁארֶען, וָואס דוּא בִּיסְט, אוּנְד
בִּיסְט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד וֶועסְט קוּמֶען,
וֵוייל דוּא הָאסְט דִיךְ אָנְגֶעקְלֵיידֶעט
מִיט דֵיינֶע גְרוֹיסֶע מַאכְט אוּנְד דוּא
טְהוּסְט רֶעגִירֶען׃
18 אוּנְד דִיא גוֹיִם הָאבֶּען גֶעצָארֶענְט
אוּנְד דֵיין צָארֶען אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד
דִיא צֵייט אִיז גֶעקוּמֶען אַז דוּא זָאלְסְט
רִיכְטֶען דִיא טוֹיטֶע, אוּנְד אַז דוּא
זָאלְסְט גֶעבֶּען אִיהְר שָׂכָר צוּ דֵיינֶע
קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים, אוּנְד צוּ דִיא
הֵיילִיגֶע, אוּנְד צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען
פוּרְכְט פַאר דֵיין נָאמֶען, פוּן קְלֵיין בִּיז
גְרוֹיס, אוּנְד דוּא זָאלְסְט פֶערְדַארְבֶּען
דִיא וָואס הָאבֶּען פֶערְדָארְבֶּען דִיא
עֶרְד׃
19 אוּנְד דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן גָאט וַואר
אוֹיפְגֶעמַאכְט אִים הִימֶעל אוּנְד דֶער
אָרוֹן פוּן דֶעם בְּרִית וַואר גֶעזֶעהֶען
אִין זֵיין טֶעמְפֶּעל, אוּנְד דָא וַוארֶען
בְּלִיצֶען, אוּנְד קוֹלוֹת, אוּנְד דוּנֶער,
אוּנְד עֶרְד צִיטֶערְנֶעס, אוּנְד אַ גְרוֹיסֶער
הָאגֶעל׃

## קאפּיטעל יב

1 אוּנְד אַ גְרוֹיסֶער צֵייכֶען הָאט זִיךְ
בֶּעוִויזֶען אִין דֶעם הִימֶעל, אַ פְרוֹיא
וָואס וַואר גֶעקְלֵיידֶעט מִיט דֶער זוּן,
אוּנְד דִיא לְבָנָה וַואר אוּנְטֶער אִיהְרֶע
פִּיס, אוּנְד אוֹיף אִיהְר קָאפּ וַואר אַ
קְרוֹין פוּן צְוֶועלֶעף שְׁטֶערֶען׃
2 אוּנְד זִיא וַואר טְרָאגֶעדִיג אוּנְד זִיא
הָאט גֶעשְׁרִיגֶען פַאר וֵוייטָאג, אוּנְד זִיא
וַואר אִין גְרוֹיסֶע פֵּיין בֵּייא דֶעם גֶע־
וִוינֶען׃
3 אוּנְד אֵיין אַנְדֶער צֵייכֶען הָאט זִיךְ
בֶּעוִויזֶען אִין דֶעם הִימֶעל, אוּנְד דָא

וואר

וואר אַ גְרויסֶע שְׁלַאנְג רויט וִויא פֵייעֶר, אוּנְד הָאט גֶעהַאט זִיבֶּען קֶעפּ אוּנְד צֶעהְן הֶערְנֶער, אוּנְד אוֹיף זֵיין קָאפּ זִיבֶּען קְרוֹינֶען:

4 אוּנְד הָאט מִיט גֶעשְׁלֶעפְּט מִיט זֵיין שְׁוַואנְץ אַ דְרִיטֶעל פוּן דִיא שְׁטֶערֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד הָאט זֵייא אוֹיף דֶער עֶרְד אַרוּפּ גֶעוָוארְפֶען, אוּנְד דִיא שְׁלַאנְג הָאט זִיךְ אַנִידֶער גֶעשְׁטֶעלְט פַאר דִיא פְרוֹיא וָואס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ גֶעוֶוינֶען, כְּדֵי זִיא זָאל דָאס קִינְד וָואס דִיא פְרוֹיא וֶועט גֶעוֶוינֶען אַיינְשְׁלִינְגֶען:

5 אוּנְד זִיא הָאט גֶעווִאוּנֶען אַ בֶּן־זָכָר וָואס עֶר הָאט גֶעזָאלְט הֶערְשֶׁען אִיבֶּער אַלֶע גוֹיִם מִיט אַיינֶע אַייזֶערְנֶע רוּט, אוּנְד אִיהְר קִינְד וַואר אַוֶועק גֶענוּמֶען צוּ גָאט אוּנְד צוּ זֵיין שְׁטוּהְל:

6 אוּנְד דִיא פְרוֹיא אִיז עַנְטְלָאפֶען אִין דֶער מִדְבָּר אַרֵיין, וְואוּ עֶס וַואר פַאר אִיהְר אַיין אָרְט אָנְגֶעבְּרֵייט פוּן גָאט, אַז זִיא זָאל דָארְטֶען גֶעשְׁפֵּייזְט וֶוערֶען טוֹיזֶענְד צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעכְצִיג טֶעג:

7 אוּנְד עֶס וַואר אַ מִלְחָמָה אִים הִימֶעל, מִיכָאֵל, עֶר אוּנְד זֵיינֶע מַלְאָכִים הָאבֶּען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט דִיא שְׁלַאנְג, אוּנְד דִיא שְׁלַאנְג אוּנְד זֵיינֶע מַלְאָכִים הָאבֶּען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען:

8 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט בֵּייקוּמֶען, אוּנְד זֵייעֶר אָרְט וַואר נִיט מֶעהְר צוּ גֶעפִינֶען אִים הִימֶעל:

9 אוּנְד דִיא גְרויסֶע שְׁלַאנְג וַואר אַרוֹיס גֶעוָוארְפֶען, דִיא עֶרְשְׁטֶע שְׁלַאנְג וָואס הֵייסְט טֵייפֶעל אוּנְד שָׂטָן, וָואס פַארְפִּירְט דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, זִיא וַואר אוֹיף דֶער עֶרְד אַרוּנְטֶער גֶעוָוארְפֶען, אוּנְד אִיהְרֶע מַלְאָכִים וַוארֶען מִיט אִיהְר אוֹיף דֶער עֶרְד אַרוּנְטֶער גֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען:

10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ קוֹל זָאגֶען אִים הִימֶעל, יֶעצְט אִיז גֶעקוּמֶען דִיא הִילְף, אוּנְד דִיא מַאכְט, אוּנְד דָאס קֶענִיגְרֵייךְ, פוּן אוּנְזֶער גָאט, אוּנְד דִיא גֶעוָועלְטִיגְקֵייט פוּן זֵיין מָשִׁיחַ, וָוארִין דֶער פַארקְלָאגֶער פוּן אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער אִיז פַארְוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען, וָואס פְלֶעגְט זֵייא אִימֶער פַארקְלָאגֶען פַאר אוּנְזֶער גָאט, טָאג אוּנְד נַאכְט:

11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם בֵּייגֶעקוּמֶען דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם לַאם, אוּנְד דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן זֵייעֶר צֵייגֶענֶעס, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעלִיבְּט זֵייעֶר לֶעבֶּען בִּיז צוּם טוֹיט:

12 דָארוּם פְרֵייעֶט אֵייךְ אִיהְר הִימְלֶען אוּנְד דִיא וָואס וְואוֹינֶען אִין זֵייא, וֵוייא צוּ דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנְד אִין דֶעם יָם, וָוארִין דֶער שָׂטָן אִיז צוּ אֵייךְ אַרוּפּ גֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר אִיז אִין אַ גְרויסֶען צָארֶען, וֵוייל עֶר וֵוייס אַז זֵיינֶע צֵייט אִיז קוּרְץ:

13 אוּנְד וֶוען דִיא שְׁלַאנְג הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר וַואר אוֹיךְ אַרוּפּ גֶעוָוארְפֶען, אַזוֹי הָאט עֶר פֶערְפָאלְגְט דִיא פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעווִאוּנֶען דֶעם זָכָר:

14 אוּנְד עֶס וַואר גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶער פְרוֹיא צְוֵוייא פְלִיגְלֶען פוּן דֶעם גְרויסֶען אָדְלֶער, אַז זִיא זָאל פְלִיהֶען אִין דֶער מִדְבָּר אַרֵיין צוּ אִיהְר אָרְט, וְואוּ זִיא וֶועט גֶעשְׁפֵּייזְט וֶוערֶען אַ צֵייט אוּנְד צֵייטֶען אוּנְד אַ הַאלְבֶּע צֵייט, פוּן פַאר דִיא שְׁלַאנְג:

15 אוּנְד דִיא שְׁלַאנְג הָאט אַרוֹיס

גֶעלָאזֶען אַ טֵייךְ וַואסֶער נָאךְ דֶער פְרויא, אַז עֶר זָאל זִיא פֶערפְלֵייצֶען אִין דֶעם טֵייךְ׃

16 אוּנְד דִיא עֶרְד הָאט גֶעהָאלְפֶען דִיא פְרויא, אוּנְד דִיא עֶרְד הָאט אויפְגֶעמַאכְט אִיהְר מויל אוּנְד הָאט אֵיינְגֶעשְׁלוּנְגֶען דֶעם טֵייךְ וָואס דִיא שְׁלַאנְג הָאט אַרויס גֶעלָאסְט פוּן אִיהְר מויל׃

17 אוּנְד דִיא שְׁלַאנְג הָאט גֶעצָארֶענְט אויף דֶער פְרויא, אוּנְד זִיא אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט אִיהְרֶע אִיבֶּערִיגֶע קִינְדֶער, וָואס הַאלְטֶען דִיא מִצְוֹת פוּן גָאט, אוּנְד הָאבֶּען דָאס צֵייגֶענִיס פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ׃

## קאפיטעל יג

1 אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶעם זַאמְד פוּן דֶעם יַם, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ חַיָה אַרויסְקוּמֶען פוּן דֶעם יַם, וָואס הָאט גֶעהַאט זִיבֶּען קֶעפּ אוּנְד צֶעהְן הֶערְנֶער, אוּנְד אויף אִיהְרֶע הֶערְנֶער וַוארֶען צֶעהְן קְרוינֶען, אוּנְד אויף אִיהְרֶע קֶעפּ וַוארֶען נֶעמֶען פוּן לֶעסְטֶערוּנְג׃

2 אוּנְד דִיא חַיָה וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען וַואר גְלֵייךְ צוּ אַ לֶעמְפֶּערְט, אוּנְד אִיהְרֶע פִיס וִויא פוּן אַ בֶּער, אוּנְד אִיהְר מויל וִויא דָאס מויל פוּן אַ לֵייבּ, אוּנְד דִיא שְׁלַאנְג הָאט אִיהְר גֶעגֶעבֶּען אִיהְרֶע קְרַאפְט אוּנְד אִיהְר שְׁטוּהְל אוּנְד גְרויס גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט׃

3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיינֶע פוּן אִיהְרֶע קֶעפּ פַארְוְואוּנְדֶעט וִויא אַ וְואוּנְד פוּן טויט, אוּנְד דִיא פְּלָאג פוּן טויט וָואס זִיא הָאט גֶעהַאט אִיז גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע עֶרְד אִיז פַארְוְואוּנְדֶערְט גֶעוָוארֶען אִי־בֶּער דִיא חַיָה׃

4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶער שְׁלַאנְג וָואס הָאט גֶעגֶעבֶּען דִיא גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט צוּ דֶער חַיָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ דֶער חַיָה אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז גְלֵייךְ צוּ דִיזֶער חַיָה? וֶוער קֶען מִיט דִיזֶער חַיָה מִלְחָמָה הַאלְטֶען?

5 אוּנְד עֶס וַואר אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אַ מויל וָואס הָאט גֶערֶעט־גְרויסֶע זַאכֶען אוּנְד לֶעסְטֶערוּנְגֶען, אוּנְד עֶס וַואר אִיהְם גֶעגֶעבֶּען מַאכְט מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען צְוֵויא אוּנְד פֶערְצִיג חֲדָשִׁים׃

6 אוּנְד עֶר הָאט אויפְגֶעמַאכְט זֵיין מויל גָאט צוּ דֶערְצֶערְנֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֶעסְטֶערְט זֵיין נָאמֶען, אוּנְד זֵיין מִשְׁכָּן, אוּנְד דִיא וָואס וְואוינֶען אִין דֶעם הִימֶעל׃

7 אוּנְד עֶס וַואר אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אַז עֶר זָאל מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דִיא הֵיילִיגֶע אוּנְד זֵייא בֵּייצוּקוּמֶען, אוּנְד עֶס וַואר אִיהְם גֶעגֶעבֶּען מַאכְט אִיבֶּער אִיטְלִיכֶען שֵׁבֶט אוּנְד מִשְׁפָּחָה אוּנְד שְׁפְּרַאכֶע אוּנְד פֶעלְקֶער׃

8 אוּנְד עֶס וֶועלֶען זִיךְ צוּ אִיהְם בִּיקֶען אַלֶע אֵיינְוְואוינֶערְס פוּן דֶער עֶרְד, וָואס זֵיירֶע נֶעמֶען זֶענֶען נִיט פֶערשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פוּן לֶעבֶּען, וָואס אִיז צוּ דֶעם גֶעשָׁאכְטֶענֶעם לַאם פוּן אָנְפַאנְג דֶער גְרִינְדוּנְג דֶער וֶועלְט׃

9 וֶוער עֶס הָאט אֵיין אויעֶר צוּ הֶער־רֶען לָאז עֶר הֶערֶען׃

10 דֶער וָואס פִירְט אִין גֶעפֶענְגֶענִיס, דֶער וֶועט אִין גֶעפֶענְגֶענִיס אַרֵיינְגֵיין, דֶער וָואס דֶערשְׁלַאגְט מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד, דֶער מוּז מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד דֶערשְׁלָאגֶען וֶוערֶען, אִין דִיזֶעם אִין דִיא גֶעדוּלְד

אוּנְד

אוּנְד דֶער גְלוֹיבֶּען פוּן דִיא הֵיילִיגֶע :

11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיינֶע אַנְדֶערֶע חַיָה פוּן דֶער עֶרְד אַרוֹיסְ־קוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט צְוֵוייא הֶערְנֶער וִויא אַ לַאם, אוּנְד הָאט גֶערֶעט וִויא אַ שְׁלַאנְג :

12 אוּנְד עֶר טְהוּט דֶעם גַאנְצֶען ווִילֶען פוּן דֶער עֶרְשְׁטֶער חַיָה, אוּנְד עֶר מַאכְט דָאס דִיא עֶרְד אוּנְד דִיא וָואס וְואוֹינֶען דַארִינֶען זָאלֶען זִיךְ בִּיקֶען צוּ דֶער עֶרְשְׁטֶער חַיָה, וָואס דֶער וְואוּנְד פוּן אִיהְר טוֹיט אִיז גֶע־הֵיילְט גֶעוָוארֶען :

13 אוּנְד עֶר טְהוּט גְרוֹיסֶע וְואוּנְדֶער, אוּנְד עֶר מַאכְט אַז פֵייעֶר זָאל אַרוּפְּ־קוּמֶען פוּן דֶעם הִימֶעל פַאר אַלֶע מֶענְשֶׁענְ׳ס אוֹיגֶען :

14 אוּנְד עֶר טְהוּט פַארְפִירֶען דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד׳ דוּרְךְ דִיא וְואוּנְדֶער וָואס זֶענֶען אִיהְם גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ טְהוּן פַאר דֶער חַיָה, אוּנְד עֶר זָאגְט צוּ דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד אַז זֵייא זָאלֶען מַאכֶען אַ גֶעשְׁטַאלְט צוּ דֶער חַיָה וָואס הָאט גֶעהַאט דִיא פְּלָאג פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד אִיז לֶעבֶּעדִיג גֶעוָוארֶען :

15 אוּנְד עֶס וַואר אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אַז עֶר זָאל גֶעבֶּען אַ גֵייסְט צוּ דֶער גֶע־שְׁטַאלְט פוּן דֶער חַיָה, אַז דָאס בִּילְד פוּן דֶער חַיָה זָאל קֶענֶען רֶעדֶען, אוּנְד יֶעדֶער אֵיינְצִיגֶער וָואס וֶועט זִיךְ נִיט ווֶעלֶען בִּיקֶען צוּ דֶעם בִּילְד פוּן דֶער חַיָה, זָאל אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט וֶוערֶען צוּ דֶעם טוֹיט :

16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַז צוּ אַלֶע, פוּן קְלֵיין אוּנְד גְרוֹיס, צוּ אָרֶעם אוּנְד צוּ רֵייךְ, צוּ פְרֵייעֶ לֵייט אוּנְד צוּ קְנֶעכְט, זָאל גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אַ צֵייכֶען אוֹיף זֵייעֶר רֶעכְטֶער הַאנְד אָדֶער אוֹיף זֵייעֶר שְׁטֶערֶען :

17 אוּנְד אַז קֵיין מֶענְשׁ זָאל נִיט קֶענֶען קוֹיפֶען אָדֶער פַארְקוֹיפֶען חוּץ דֶער וָואס הָאט דֶעם צֵייכֶען אָדֶער דֶעם נָאמֶען פוּן דֶער חַיָה, אָדֶער דִיא צָאהְל פוּן זֵיין נָאמֶען :

18 אָט דָא אִיז דִיא חָכְמָה, וֶוער עֶס הָאט פַארְשְׁטַאנְד לָאז עֶר בֶּערֶעכֶענֶען דִיא צָאהְל פוּן דֶער חַיָה, וָוארִין עֶס אִיז דִיא צָאהְל פוּן אַ מֶענְשׁ, אוּנְד זֵיינֶע צָאהְל אִיז זֶעקְס הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעקְס אוּנְד זֶעכְצִיג :

קַאפִּיטֶעל יד

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד נוּן אַ לַאם אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג צִיוֹן, אוּנְד מִיט אִיהְם זֶענֶען גֶע־שְׁטַאנֶען הוּנְדֶערְט אוּנְד פִיעֶר אוּנְד פִירְצִיג טוֹיזֶענְד, וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט דֶעם נָאמֶען פוּן זֵיין פָאטֶער גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף זֵייעֶרֶע שְׁטֶערְנְס :

2 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ קוֹל פוּן דֶעם הִימֶעל, וִויא אַ קוֹל פוּן פִילֶע וַואסֶערֶען, אוּנְד דָאס קוֹל וִויא פוּן אַ גְרוֹיסֶען דוּנֶער, אוּנְד דָאס קוֹל וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא דָאס קוֹל פוּן פִידְלֶערְס וָואס שְׁפִּילֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע פִידְלֶען :

3 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזוּנְגֶען אַ נֵייעֶס לִיד פַאר דֶעם שְׁטוּהְל׳ אוּנְד פַאר דִיא פִיעֶר חַיוֹת, אוּנְד פַאר דִיא פִיעֶר זְקֵנִים, אוּנְד קֵיין מֶענְשׁ הָאט נִיט גֶעקֶענְט לֶערְנֶען דִיזֶען גֶעזַאנְג נֵייעֶרְט דִיא הוּנְדֶערְט אוּנְד פִיעֶר אוּנְד פִירְצִיג טוֹיזֶענְד וָואס זֶענֶען אוֹיסְגֶעלֵייזְט גֶע־וָוארֶען פוּן דֶער עֶרְד :

4 דָאס זֶענֶען דִיא וָואס הָאבֶּען זִיךְ נִיט פֶערְאוּמְרֵיינִיגְט מִיט ווֵייבֶּער, וָוארִין זֵייא זֶענֶען אַזוֹי וִויא יוּנְגפְרוֹיעֶן, דָאס זֶענֶען דִיא וָואס פָאלְגֶען נָאךְ דֶעם לַאם וִויא אַהִין עֶר גֵייט, דִיזֶע זֶענֶען דֶערְלֵייזְט גֶעוָוארֶען פוּן צְווִישֶׁען דִיא מֶענְשֶׁען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט צוּ גָאט אוּנְד צוּ דֶעם לַאם:

5 אוּנְד עֶס אִיז קֵיין פַאלְשְׁקֵייט נִיט גֶעפוּנֶען אִין זֵייעֶר מוֹיל, וָוארִין זֵייא זֶענֶען אוּמְבֶּעפְלֶעקְט פַאר דֶעם שְׁטוּהְל פוּן גָאט:

6 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיין אַנְדֶערֶען מַלְאָךְ פְלִיהֶען אִין מִיטֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, וָואס הָאט גֶעהַאט אִין זֵיין מוֹיל דִיא אֵייבִּיגֶע בְּשׂוּרָה (עֶוַואנְ־גֶעלִיאוּם), אַז עֶר זָאל אַ גוּטֶע בְּשׂוּרָה זָאגֶען צוּ דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד צוּ אַלֶע גוֹיִם אוּנְד שְׁבָטִים אוּנְד שְׁפְּרַאכֶען אוּנְד פֶעלְקֶער:

7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, פָארְכְט אֵייךְ פַאר גָאט, אוּנְד גִיבְּט אִיהְם לוֹיבּ, וָוארִין דִיא צֵייט פוּן זֵיין מִשְׁפָּט אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד בִּיקְט אֵייךְ צוּ אִיהְם וָואס הָאט גֶעמַאכְט דֶעם הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד, אוּנְד דָאס יַם אוּנְד אַלֶע קְוָועלֶען פוּן וַואסֶער:

8 אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער מַלְאָךְ אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ אִיהְם, אוּנְד הָאט גֶע־זָאגְט, גֶעפַאלֶען, גֶעפַאלֶען, אִיז דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט בָּבֶל, ווֵייל זִיא הָאט אָנְגֶעטְרוּנְקֶען אַלֶע פֶעלְקֶער מִיט דֶעם ווֵיין פוּן דֶעם צָארֶען פוּן אִיהְרֶע הוּרֶערֵייא:

9 אוּנְד אַ דְרִיטֶער מַלְאָךְ הָאט נָאךְ גֶעפָאלְגְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, יֶעדֶער אֵיינְצִיגֶער וָואס וֶועט זִיךְ בִּיקֶען צוּ דֶער חַיָּה אוּנְד צוּ זֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט אוּנְד וֶועט נֶעמֶען דֶעם צֵייכֶען אוֹיף זֵיין שְׁטֶערֶען אָדֶער אוֹיף זֵיינֶע הַאנְד:

10 אַזוֹי וֶועט עֶר אוֹיךְ טְרִינְקֶען פוּן דֶעם ווֵיין פוּן דֶעם צָארֶען פוּן גָאט, וָואס וֶוערְט אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוּמְגֶעמִישְׁט אִין דֶעם בֶּעכֶער פוּן זֵיין צָארֶען, אוּנְד עֶר וֶועט גֶעפֵּיינִיגְט וֶוערֶען מִיט פֵייעֶר אוּנְד שְׁוֶועבֶעל, פַאר דִיא הֵיילִיגֶע מַלְאָכִים אוּנְד פַאר דֶעם לַאם:

11 אוּנְד עֶס וֶועט אוֹיפְגֵיין דֶער רוֹיךְ פוּן זֵייעֶרֶע פֵּיינִיגוּנְג פִיר אַלֶע אֵייבִּיגְ־קֵייטֶען, אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶער חַיָּה אוּנְד צוּ אִיהְר בִּילְד, אוּנְד דֶער וָואס וֶועט אָנְגֶענֶעמֶען דֶעם צֵייכֶען פוּן אִיהְר נָאמֶען, וֶועט נִיט גֶעפִינֶען קֵיינֶע רוּהֶ, נִיט בֵּייא טָאג אוּנְד נִיט בֵּייא נַאכְט:

12 אִין דִיזֶעם אִיז דִיא גֶעדוּלְד פוּן דִיא הֵיילִיגֶע וָואס הִיטֶען דִיא מִצְוֹת פוּן גָאט אוּנְד דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן יֵשׁוּעַ:

13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ קוֹל פוּן הִימֶעל וָואס הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט שְׁרֵייבּ. וָואוֹיל אִיז דִיא טוֹיטֶע וָואס שְׁטַארְבֶּען אִין דֶעם הַאר, פוּן אַצוּנְד אָן, בֶּאֱמֶת, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער גֵייסְט, אַז זֵייא זָאלֶען רוּהֶען פוּן זֵייעֶרֶע אַרְבֵּייט, ווֵייל זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים פָאלְגְט זֵייא נָאךְ:

14 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוּנְד דָא וַואר אַ ווֵייסֶער וָואלְקֶען, אוּנְד אוֹיף דֶעם וָואלְקֶען אִיז אֵיינֶער גֶעזֶעסֶען אִין דֶער גֶעשְׁטַאלְט פוּן אֵיין מֶענְשֶׁען־זוּהְן וָואס הָאט גֶעהַאט אַ גָאלְדֶענֶע קְרוֹין

אויף זַיין קָאפּ, אוּנְד אִין זַיינֶע הַאנְד אַ שַׁארְפֶעס שְׁנֵייד־מֶעסֶער:

15 אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער מַלְאָךְ אִיז אַרויס גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל, אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ הויךְ קוֹל, צוּ דֶעם וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אויף דֶעם וָואלְקֶען, שְׁטְרֶעק אוֹיס דֵיין שְׁנֵייד־מֶעסֶער אוּנְד שְׁנֵייד, וָוארִין דִיא צֵייט אִיז גֶעקוּמֶען צוּ שְׁנֵיידֶען, וַוייל דֶער שְׁנִיט פוּן דֶער עֶרְד אִיז שׁוֹין צֵייטִיג:

16 אוּנְד דֶער וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אויף דֶעם וָואלְקֶען הָאט אַרוּנְטֶער גֶעשִׁיקְט זַיין שְׁנֵייד־מֶעסֶער צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד דִיא עֶרְד אִיז גֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען:

17 אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער מַלְאָךְ אִיז אַרויס גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל וָואס אִיז אִים הִימֶעל, אוּנְד הָאט אויךְ גֶעהַאט אַ שַׁארְפֶעס שְׁנֵייד־מֶעסֶער אִין זַיינֶע הַאנְד:

18 אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער מַלְאָךְ אִיז אַרויס גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט מַאכְט אִיבֶּער דֶעם פַייעֶר, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען מִיט אַ הויךְ גֶעשְׁרֵייא צוּ דֶעם וָואס הָאט דָאס שַׁארְפֶע שְׁנֵייד־מֶעסֶער אִין זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, שְׁטְרֶעק אוֹיס דֵיין שַׁארְפֶעס שְׁנֵייד־מֶעסֶער אוּנְד שְׁנֵייד דִיא צְווַייגֶען פוּן דֶעם וַויינְשְׁטָאק פוּן דֶער עֶרְד, וָוארִין אִיהְרֶע וַויינְטְרויבֶּען זֶענֶען שׁוֹין צֵייטִיג:

19 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט אויפְגֶעהויבֶּען זַיין שְׁנֵייד־מֶעסֶער אויף דֶער עֶרְד, אוּנְד הָאט גֶעשְׁנִיטֶען דֶעם וַויינְשְׁטָאק פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד הָאט עֶס גֶעוָוארְפֶען אִין דֶער גְרויסֶען קֶעלְטֶער פוּן דֶעם צָארֶען פוּן גָאט:

20 אוּנְד דִיא קֶעלְטֶער וַואר גֶעטְרֶעטֶען אויסֶעוָוייניג פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד עֶס אִיז אַרויסְגֶעקוּמֶען פוּן דֶער קֶעלְטֶער בְּלוּט, אוּנְד דָאס בְּלוּט הָאט גֶעגְרֵייכְט בִּיז צוּ דִיא צוֹימֶען פוּן דִיא פֶערְד, אַזוֹי וַוייט וִויא טוֹיזֶענְד אוּנְד זֶעקְס הוּנְדֶערְט אַקֶער פֶעלְד:

קאפיטעל טו

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיין אַנְדֶער צֵייכֶען אִין דֶעם הִימֶעל, וָואס וַואר גְרויס אוּנְד וְואוּנְדֶערְלִיךְ, זִיבֶּען מַלְאָכִים הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דִיא זִיבֶּען לֶעצְטֶע מַכּוֹת (פְּלָאג), וָוארִין אִין זֵייא אִיז דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען דֶער צָארֶען פוּן גָאט:

2 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען וִויא אַ גְלֶעזֶערְנֶעס יַם גֶעמִישְׁט מִיט פַייעֶר, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען בֵּייגֶעקוּמֶען דִיא חַיָה אוּנְד זַיינֶע גֶעשְׁטַאלְט אוּנְד דִיא צָאהְל פוּן זַיין נָאמֶען אוּנְד זַיין צֵייכֶען, זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אויף דֶעם גְלֶעזֶערְנֶעם יַם, אוּנְד הָאבֶּען גֶעהַאט פִידְלֶען פוּן גָאט אִין זֵייעֶרֶע הֶענְד:

3 אוּנְד הָאבֶּען גֶעזוּנְגֶען דֶעם גֶעזַאנְג פוּן משֶׁה, דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט, אוּנְד דֶעם גֶעזַאנְג פוּן דֶעם לַאם, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, גְרויס אוּנְד וְואוּנְדֶערְלִיךְ זֶענֶען דֵיינֶע מַעֲשִׂים, הַאר גָאט, אַלְמֶעכְטִיגֶער, גֶערֶעכְט אוּנְד וָואהְרְהַאפְטִיג זֶענֶען דֵיינֶע וֶועגֶען, דוּא קֶענִיג פוּן דִיא פֶעלְקֶער:

4 הַאר, וֶוער וֶועט זִיךְ נִיט פָארְכְטֶען פַאר דִיר, אוֹי יְהוָֹה, אוּנְד וֶועט נִיט גֶעבֶּען כָּבוֹד צוּ דֵיין נָאמֶען? וָוארִין דוּא אַלֵיין בִּיסְט הֵיילִיג, וָוארִין אַלֶע פֶעלְקֶער וֶועלֶען קוּמֶען אוּנְד וֶועלֶען זִיךְ פַאר דִיר בִּיקֶען, וַוייל דֵיינֶע גֶערֶעכְטֶע

מִשְׁפָּטִים זֶענֶען עֶנְטפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען׃

5 אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד נוּן עֶס וַואר אוֹיפְגֶעמַאכְט דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן דֶעם מִשְׁכָּן פוּן דֶעם צֵייגֶענִיס וָואס אִיז אִין דֶעם הִימֶעל׃

6 אוּנְד עֶס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט דִיא זִיבֶּען פְּלָאגֶען, אוּנְד זַייא וַוארֶען אָנְגֶעקְלֵייט אִין רֵיינֶע אוּנְד קְלָארֶע לֵיינֶעוַואנְד, אוּנְד זַייא וַוארֶען אַרוּמְגֶענַארְטֶעלְט מִיט גָאלְדֶענֶע גַארְטֶלֶען אַרוּם דִיא בְּרוּסְטֶען׃

7 אוּנְד אֵיינֶע פוּן דִיא פִּיעֶר חַיוֹת הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים זִיבֶּען גָאלְדֶענֶע בֶּעכֶערְס, פוֹל מִיט דֶעם צָארֶען פוּן גָאט וָואס לֶעבְּט פִיר אַלֶע אֵייבִּיגְקֵייטֶען׃

8 אוּנְד דֶער טֶעמְפֶּעל אִיז אָנְגֶעפִילְט גֶעוָוארֶען מִיט רוֹיךְ פוּן דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט אוּנְד פוּן זַיינֶע מַאכְט, אוּנְד קֵיין מֶענְשׁ הָאט נִיט גֶעקֶענְט אִין דֶעם טֶעמְפֶּעל אַרֵיינְקוּמֶען, בִּיז עֶס הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזֶען דִיא זִיבֶּען פְּלָאגֶען וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא הֶענְד פוּן דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים׃

קאפיטעל טז

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ הוֹיךְ קוֹל פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל, וָואס הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים, גֵייט אוּנְד גִיסְט אוֹיס דִיא בֶּעכֶערְס פוּן דֶעם צָארֶען פוּן גָאט אוֹיף דֶער עֶרְד׃

2 אוּנְד דֶער עֶרְשְׁטֶער אִיז אַוֶועקְגֶענַאנְגֶען אוּנְד הָאט אוֹיסְגֶעגָאסֶען זַיין בֶּעכֶער אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוָוארֶען בֵּייזֶע אוּנְד שְׁלֶעכְטֶע קְרֶעץ אוֹיף דִיא לֵייט וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט דָאס צֵייכֶען פוּן דֶער חַיָה, אוּנְד צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ אִיהְרֶע גֶעשְׁטַאלְט׃

3 אוּנְד דֶער צְווייטֶער מַלְאָךְ הָאט אוֹיסְגֶעגָאסֶען זַיין בֶּעכֶער אִין דֶעם יַם אַרַיין אוּנְד דָאס יַם אִיז גֶעוָוארֶען וִויא דָאס בְּלוּט פוּן אַ טוֹיטֶען, אוּנְד עֶס זֶענֶען אוֹיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען אַלֶע לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִיס אִין דֶעם יַם׃

4 אוּנְד דֶער דְרִיטֶער מַלְאָךְ הָאט אוֹיסְגֶעגָאסֶען זַיין בֶּעכֶער אוֹיף דִיא טֵייכֶען אוּנְד אוֹיף דִיא קְוֶועלֶען פוּן וַואסֶער, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען צוּ בְּלוּט׃

5 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דֶעם מַלְאָךְ פוּן דִיא וַואסֶער זָאגֶען, דוּא בִּיסְט גֶערֶעכְט, הַאר, וָואס דוּא בִּיסְט, אוּנְד בִּיסְט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד בִּיסְט הֵיילִיג, וַוייל דוּא הָאסְט אַזוֹי גֶעמִשְׁפָּט׃

6 וַוייל זַייא הָאבֶּען פַארְגָאסֶען דָאס בְּלוּט פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אוּנְד דָאס בְּלוּט פוּן דִיא נְבִיאִים, אַזוֹי הָאסְט דוּא זַייא גֶעגֶעבֶּען בְּלוּט צוּ טְרִינְקֶען, וָוארִין זַייא זֶענֶען עֶס וֶוערְט׃

7 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ זָאגֶען יוֹא, בְּאֶמֶת, הַאר גָאט אַלְמֶעכְטִיגֶער, וָוארְהַאפְטִיג אוּנְד גֶערֶעכְט זֶענֶען דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים׃

8 אוּנְד דֶער פִירְטֶער מַלְאָךְ הָאט אוֹיסְגֶעגָאסֶען זַיין בֶּעכֶער אוֹיף דֶער זוּן, אוּנְד עֶס וַואר אִיהְם גֶעגֶעבֶּען, אַז עֶר זָאל בְּרֶענֶען דִיא מֶענְשֶׁען מִיט פַייעֶר׃

9 אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען זֶענֶען גֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען מִיט אַ גְרוֹסֶע הִיץ, אוּנְד

זייא הָאבֶּען גֶעלֶעסְטֶערְט דֶעם נָאמֶען
פון גָאט, וָואס הָאט מַאכְט אִיבֶּער
דִיזֶע פְּלָאג, אוּנְד זייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט
אוּמְגֶעקֶערְט, אַז זייא זָאלֶען אִיהְם לויב
אָפְּגֶעבֶּען:

10 אוּנְד דֶער פִינְפְטֶער מַלְאָךְ הָאט
אויסְגֶעגָאסֶען זַיין בֶּעכֶער אויף דֶעם
שְׁטוּהְל פוּן דֶער חַיָה, אוּנְד אִיהְר
קֶענִיגְרַייךְ אִיז פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען,
אוּנְד זייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיסֶען זַיירֶע
צוּנְגֶען פַאר פֵּיין:

11 אוּנְד זייא הָאבֶּען גֶעלֶעסְטֶערְט
דֶעם גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל, וֶועגֶען
זַיירֶע פֵּיין אוּנְד זַיירֶע קְרֶעץ, אוּנְד
זייא הָאבֶּען זִיךְ דָאךְ נִיט אוּמְגֶעקֶערְט
פוּן זַיירֶע מַעֲשִׂים:

12 אוּנְד דֶער זֶעקְסְטֶער מַלְאָךְ הָאט
אויסְגֶעגָאסֶען זַיין בֶּעכֶער אויף דֶעם
גְרויסֶען טַייךְ פְּרָת, אוּנְד זַיינֶע וַואסֶער
זֶענֶען פַארְטְרוּקֶענְט גֶעוָוארֶען, כְּדֵי
דֶער וֶועג פוּן דִיא מְלָכִים פוּן מִזְרַח זָאל
אָנְגֶעבְּרֵייט וֶוערֶען:

13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַרויס
קוּמֶען דְרַייא אוּמְרֵיינֶע גַייסְטֶער וִויא
פְרֶעשׁ, פוּן דֶעם מויל פוּן דֶער שְׁלַאנְג,
אוּנְד פוּן דֶעם מויל פוּן דֶער חַיָה,
אוּנְד פוּן דֶעם מויל פוּן דֶעם פַאלְשֶׁען
נָבִיא:

14 וָוארִין דָאס זֶענֶען דִיא גַייסְטֶער
פוּן שֵׁדִים וָואס טְהוּעֶן וְואוּנְדֶער, אוּנְד
וָואס זייא גֵייעֶן אַרויס צוּ דִיא מְלָכִים
פוּן דֶער עֶרְד אוּנְד פוּן דֶער גַאנְצֶער
וֶועלְט, זייא זָאלֶען זִיךְ אַיינְזַאמְלֶען צוּ
דֶער מִלְחָמָה פוּן דֶעם גְרויסֶען טָאג
פוּן דֶעם גָאט פוּן צְבָאוֹת:

15 זֶעהְט, אִיךְ קוּם וִויא אַ גַנָב,
וְואוֹיל אִיז דֶעם וָואס וַואכְט, אוּנְד וָואס
הִיט זַיינֶע קְלֵיידֶער, אַז עֶר זָאל נִיט
אַרוּם גֵיין נַאקֶעט, אוּנְד אַז מֶען זָאל
נִיט זֶעהֶען זַיינֶע שַׁאנְד:

16 אוּנְד עֶר הָאט זייא אַיינְגֶעזַאמֶעלְט
אויף אַיין אָרְט, וָואס הֵייסְט אויף לְשׁוֹן
הַקוֹדֶשׁ הַר־מְגִדוֹן:

17 אוּנְד דֶער זִיבֶּעטֶער מַלְאָךְ הָאט
אויסְגֶעגָאסֶען זַיין בֶּעכֶער אִין דֶער
לוּפְט, אוּנְד עֶס אִיז אַרויס גֶעקוּמֶען אַ
גְרויס קוֹל פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל פוּן דֶעם
הִימֶעל, פוּן דֶעם שְׁטוּהְל, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט עֶס זָאל זַיין, אוּנְד עֶס
אִיז גֶעשֶׁעהֶען:

18 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוָוארֶען קוֹלוֹת
אוּנְד דוּנֶערֶען אוּנְד בְּלִיצֶען, אוּנְד עֶס
וַואר אַ גְרויס עֶרְד־צִיטֶערְנִים, וָואס אִיז
נִיט גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא דִיזֶעס זִינְט דִיא
מֶענְשֶׁען זֶענֶען אויף דֶער עֶרְד, וְוייל
דִיא עֶרְד־צִיטֶערְנִים אִיז גֶעוֶועזֶען זֵייעֶר
גְרויס:

19 אוּנְד דִיא גְרויסֶע שְׁטָאט אִיז צוּ־
טֵיילְט גֶעוָוארֶען אִין דְרַייא חֲלָקִים,
אוּנְד דִיא שְׁטֶעט פוּן דִיא גוֹיִם זֶענֶען
אַיינְגֶעפַאלֶען, אוּנְד דִיא גְרויסֶע שְׁטָאט
בָּבֶל אִיז דֶערְמָאנְט גֶעוָוארֶען פַאר
גָאט, כְּדֵי עֶר זָאל אִיהְר גֶעבֶּען דֶעם
בֶּעכֶער פוּן דֶעם וויין פוּן זַיין גְרִימְצָארֶען:

20 אוּנְד אַלֶע אִינְזְלֶען זֶענֶען אַנְט־
לָאפֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא בֶּערְג
זֶענֶען נִיט גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען:

21 אוּנְד גְרויסֶע הָאגֶעל־שְׁטֵיינֶער, וִויא
אַ צֶענְטְנֶער שְׁוֶוער, זֶענֶען אַרוּפּ גֶעקוּמֶען
פוּן דֶעם הִימֶעל אויף דִיא מֶענְשֶׁען,
אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גָאט גֶע־
לֶעסְטֶערְט וֶועגֶען דֶער פְּלָאג פוּן דֶעם
הָאגֶעל, וָוארִין דִיא פְּלָאג אִיז גֶעוֶועזֶען
זֵייעֶר גְרויס:

אוּנְד

## קאפיטעל יז

1 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט דִיא זִיבֶּען בֶּעכֶערְס אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט, אוּנְד הָאט צוּ מִיר גֶע־זָאגְט, קוּם אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר וֵוייזֶען דָאס מִשְׁפָּט פוּן דֶער גְרוֹיסֶער הוּר (זוֹנָה) וָואס זִיצְט אוֹיף פִילֶע וַואסֶערְן:

2 וָואס דִיא מְלָכִים פוּן דֶער עֶרְד הָאבֶּען מִיט אִיהְר מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד הָאבֶּען זִיךְ בֶּעטְרוּנְקֶען מִיט דֶעם וֵויין פוּן אִיהְרֶע הוּרֶערֵייא:

3 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעפִירְט דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט אִין דֶער מִדְבָּר אַרֵיין, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהְן אַ פְרוֹיא זִיצֶען אוֹיף אַ חַיָה פוּן זֵייעֶר רוֹיטֶער פַארבּ, פוּל מִיט נֶעמֶען פוּן לֶעסְטֶערוּנְג, אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט זִיבֶּען קֶעפּ אוּנְד צֶעהְן הֶערְנֶער:

4 אוּנְד דִיא פְרוֹיא וַואר גֶעקְלֵיידֶעט אִין פוּרְפֶּער אוּנְד רוֹיטֶע זֵייד, אוּנְד בֶּעדֶעקְט מִיט גָאלְד אוּנְד טֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער אוּנְד מִיט פֶּערִיל, אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט אַ גָאלְדֶענֶעם בֶּעכֶער אִין אִיהְרֶע הַאנְד, פוּל מִיט דִיא אוּמְווירְדִיגְקֵייטֶען אוּנְד דִיא אוּמְרֵיינִיגְקֵייטֶען פוּן אִיהְרֶע הוּרֶערֵייא:

5 אוּנְד אוֹיף אִיהְר שְׁטֶערְן וַואר גֶעשְׁרִיבֶּען אַ נָאמֶען, אִין אֵיין אָרְט פוּן **אַ סוֹד, בָּבֶל דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט, דִיא מוּטֶער פוּן דִיא הוּרֶען אוּנְד דִיא אוּמְווירְדִיגְקֵייטֶען פוּן דֶער עֶרְד:**

6 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא פְרוֹיא וַואר בֶּעטְרוּנְקֶען מִיט דֶעם בְּלוּט פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אוּנְד מִיט דֶעם בְּלוּט פוּן דִיא עֵדוּת פוּן יֵשׁוּעַ, אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ זִיא גֶעזֶעהֶען הָאבּ אִיךְ מִיךְ פֶערְוָואוּנְדֶערְט אוֹיף דִיזֶע זֶעהוּנְג מִיט אַ גְרוֹיס וְואוּנְדֶער:

7 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ מִיר גֶע־זָאגְט וָוארוּם וְואוּנְדֶערְסְט דוּא דִיךְ? אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען דָאס גֶעהֵיימֶענִים פוּן דֶער פְרוֹיא, אוּנְד פוּן דֶער חַיָה וָואס טְרָאגְט זִיא, וָואס הָאט זִיבֶּען קֶעפּ אוּנְד צֶעהְן הֶערְנֶער:

8 דִיא חַיָה וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אִיז גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אִיז נִיט, אוּנְד זִיא וֶועט אַרוֹיפְקוּמֶען פוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד, אוּנְד וֶועט גֵיין צוּ פַארְלוֹירֶענִים, אוּנְד דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, וָואס זֵיירֶע נֶעמֶען זֶענֶען נִיט פֶערְ־שְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דֶעם לֶעבֶּען פוּן אָנְהֵייבּ פוּן דֶער וֶועלְט, וֶועלֶען זִיךְ וְואוּנְדֶערֶען וֶוען זֵייא וֶועלֶען זֶעהֶען דִיא חַיָה, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִיז נִיט, אוּנְד אִיז דָאךְ:

9 אָט, דָאס אִיז דֶער פַארְשְׁטַאנְד אוּנְד אִין דֶעם אִיז דִיא קְלוּגְשַׁאפְט. דִיא זִיבֶּען קֶעפּ זֶענֶען זִיבֶּען בֶּערְג, וָואס דִיא פְרוֹיא זִיצְט אוֹיף זֵייא:

10 אוּנְד דָאס זֶענֶען דִיא זִיבֶּען מְלָכִים, וָואס פִינְף פוּן זֵייא זֶענֶען גֶעפַאלֶען, אוּנְד אֵיינֶער אִיז דָא, אוּנְד אֵיין אַנְ־דֶערֶער אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען, אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען, קֶען עֶר נָאר פַארְבְּלֵייבֶּען אוֹיף אַ קוּרְצֶע צֵייט:

11 אוּנְד דִיא חַיָה וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִיז נִיט, אִיז דִיא אַכְטֶע, אוּנְד אִיז פוּן דִיא זִיבֶּען, אוּנְד גֵייט צוּ פַארְלוֹירֶענִים:

12 אוּנְד דִיא צֶעהְן הֶערְנֶער וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהְן, זֶענֶען צֶעהְן קֶענִיגֶע, וָואס הָאבֶּען נָאךְ נִיט דֶערְהַאלְטֶען קֵיין קֶענִיגְרֵייךְ בִּיז יֶעצְט, גַייעֶרְט זַייא דֶערְהַאלְטֶען מַאכְט וִויא קֶענִיגֶע פַאר אַ קוּרְצֶע צַייט מִיט דֶער חַיָה:

13 אוּנְד דִיזֶע הָאבֶּען אֵיין מֵיינוּנְג, אוּנְד זַייא וֶועלֶען גֶעבֶּען זֵיירֶע מַאכְט אוּנְד זֵיירֶע גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט צוּ דֶער חַיָה:

14 אוּנְד דִיזֶע וֶועלֶען מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דֶעם לַאם, אוּנְד דָאס לַאם וֶועט זַייא בֵּייקוּמֶען, וֵוייל עֶר אִיז דֶער הַאר פוּן הַארֶען, אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן קֶענִיגֶע, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם זֶענֶען בֶּערוּפֶען אוּנְד אוֹיסְדֶערְוֶוייהלְט אוּנְד גֶעטְרֵייא:

15 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דִיא וַואסֶערֶען וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען וְואוּ דִיא הוּר זִיצְט, זֶענֶען דִיא פֶעלְקֶער אוּנְד גֶעמֵיינְדֶען, אוּנְד גוֹיִם אוּנְד לְשׁוֹנוֹת:

16 אוּנְד דִיא צֶעהְן הֶערְנֶער וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אוֹיף דֶער חַיָה, דִיזֶע וֶועלֶען דִיא חַיָה פֵיינְד הָאבֶּען, אוּנְד וֶועלֶען זִיא מַאכֶען וִויסְט אוּנְד נַאקֶעט, אוּנְד וֶועלֶען אִיהְר פְלֵיישׁ אוֹיפְעֶסֶען, אוּנְד וֶועלֶען זִיא פַארְבְּרֶענֶען מִיט פֵייעֶר:

17 וֵוייל גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען אִין זֵיירֶע הֶערְצֶער זַייא זָאלֶען טְהוּן זֵיינֶע עֵצָה, אוּנְד זַייא זָאלֶען מַאכֶען אֵיין עֵצָה, אוּנְד זַייא זָאלֶען גֶעבֶּען זַייעֶר קֶענִיגְרֵייךְ צוּ דֶער חַיָה, בִּיז דִיא רֵייד פוּן גָאט וֶועט דֶערְפִילְט וֶוערֶען:

18 אוּנְד דִיא פְרוֹיא וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אִיז דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט, וָואס זִיא אִיז דִיא הֶערְשֶׁערִין פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד:

## קאפּיטעל יח

1 אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אֵיין אַנְדֶערֶען מַלְאָךְ אַרוּפּ קוּמֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט גְרוֹיסֶע מַאכְט, אוּנְד דִיא עֶרְד אִיז דֶערְלֵייכְטֶעט גֶעוָוארֶען פוּן זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט:

2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ שְׁטַארְקֶען קוֹל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, גֶעפַאלֶען, גֶעפַאלֶען, אִיז דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט בָּבֶל, אוּנְד אִיז גֶעוָוארֶען אַ וְואוֹינוּנְג פוּן שֵׁדִים, אוּנְד אַ בֶּעהַאלְטֶענִיש פַאר אִיטְלִיכֶען אוּמְרֵיינֶען גֵייסְט, אוּנְד אַ גֶעסְט פַאר אַלֶע אוּמְרֵיינֶע אוּנְד פַארְהַאסְטֶע פֵייגֶעל:

3 וֵוייל זִיא הָאט אַלֶע גוֹיִם גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען פוּן דֶעם וויין פוּן דֶעם צָארֶען פוּן אִיהְרֶע הוּרֶערֵייא, אוּנְד דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד הָאבֶּען זִיךְ מִיט אִיהְר מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דִיא סוֹחֲרִים פוּן דֶער עֶרְד זֶענֶען רֵייךְ גֶעוָוארֶען פוּן אִיהְרֶע מֶעכְטִיגֶע פֶערְגֶענִיגוּנְגֶען:

4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אֵיין אַנְדֶער קוֹל פוּן דֶעם הִימֶעל, וָואס הָאט גֶעזָאגְט, קוּמְט אַרוֹיס פוּן אִיהְר, מֵיין פָאלְק, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט קֵיין טֵייל הָאבֶּען אִין אִיהְרֶע זִינְדֶען, אוּנְד אַז אִיהְר זָאלְט נִיט בֶּעקוּמֶען פוּן אִיהְרֶע פְּלָאגֶען:

5 וָוארִין אִיהְרֶע זִינְדֶען הָאבֶּען גֶעגְרֵייכְט בִּיז צוּם הִימֶעל, אוּנְד גָאט הָאט דֶערְמָאנְט אִיהְרֶע זִינְדֶען:

6 בֶּעצָאלְט אִיהְר אַזוֹי וִויא זִיא הָאט אֵייךְ בֶּעצָאלְט, אוּנְד בֶּעצָאלְט אִיהְר

דָאפֶּעלְט נָאךְ אִיהְרֶע װֶערְקֶע, מִיט דֶעם בֶּעכֶער װָאס זִיא הָאט צוּ אֵייךְ גֶעמִישְׁט מִישְׁט אִיהר אָן אַ דָאפֶּעלְטֶען:

7 אַזוֹי װִיא זִיא הָאט זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען אוּנְד הָאט גֶעלֶעבְּט מִיט פִיל פֶּערְגֶענִיגוּנְגֶען, אַזוֹי גִיבְּט אִיהר שְׁמֶערְצֶען אוּנְד טְרוֹיעֶר, װָארִין זִיא הָאט גֶעזָאגְט אִין אִיהר הַארְץ אִיךְ זִיץ װִיא אַ מַלְכָּה אוּנְד אִיךְ װֶעל נִיט זֵיין קֵיינֶע אַלְמָנָה, אוּנְד אִיךְ װֶעל נִיט זֶעהֶען קֵיין טְרוֹיעֶר:

8 דָארוּם װֶעלֶען אִיהְרֶע פְּלָאגֶען קוּמֶען אִין אֵיין טָאג, טוֹיט, אוּנְד טְרוֹיעֶר, אוּנְד הוּנְגֶער, אוּנְד זִיא װֶעט פֶערְבְּרֶענְט װֶערֶען אִין פֵייעֶר, װָארִין דֶער הַאר גָאט װָאס מִשְׁפָּט זִיא אִיז שְׁטַארְק:

9 אוּנְד דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד װָאס הָאבֶּען מִיט אִיהר אַרוּם גֶעהוּרְט אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ מִיט אִיהר פֶּערְגֶענִיגֶען אָנְגֶעטְהוּן װֶעלֶען אִיבֶּער אִיהר װֵיינֶען אוּנְד קְלָאגֶען, װֶען זֵייא װֶעלֶען זֶעהֶען דֶעם רוֹיךְ פוּן אִיהר פֵייעֶר:

10 אוּנְד זֵייא װֶעלֶען פוּן װֵייטֶען שְׁטֵיין, װֶעגֶען דֶער פוּרְכְט פוּן אִיהר װֵייטָאג, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען זָאגֶען װֵייא, װֵייא, צוּ בָּבֶל, דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט, דִיא שְׁטַארְקֶע שְׁטָאט, װָארִין דֵיין מִשְׁפָּט אִיז גֶעקוּמֶען אִין אֵיין אֵיינְצִיגֶער שָׁעָה:

11 אוּנְד דִיא סוֹחֲרִים פוּן דֶער עֶרְד װֶעלֶען אִיבֶּער אִיהר װֵיינֶען אוּנְד קְלָאגֶען, װייל קֵיינֶער װֶעט נִיט מֶעהר קוֹיפֶען דִיא סְחוֹרָה פוּן זֵייעֶרֶע הַאנְדְלוּנְג:

12 סְחוֹרָה פוּן גָאלְד, אוּנְד פוּן זִילְבֶּער, אוּנְד פוּן טֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער, אוּנְד פוּן פֶּערֶעל, אוּנְד פוּן פֵיינֶע לֵיינֶעװַאנְד, אוּנְד פוּן פוּרְפֶּער, אוּנְד פוּן זֵייד, אוּנְד פוּן רוֹיטֶע זֵייד, אוּנְד פוּן אַלֶערְלֵייא קְרֶעלֶן־הָאלְץ, אוּנְד פוּן אַלֶערְלֵייא כֵּלִים פוּן עֶלְפַאנְט בֵּיין, אוּנְד פוּן אַלֶערְלֵייא כֵּלִים פוּן טֵייעֶר הָאלְץ, אוּנְד פוּן קוּפֶּער, אוּנְד פוּן אֵייזֶען, אוּנְד פוּן מַארְמֶעל־שְׁטֵיין:

13 אוּנְד צִימְרִינְד, אוּנְד קְטוֹרֶת, אוּנְד טֵייעֶרֶעס אֵייל, אוּנְד װֵיירוֹיךְ, אוּנְד װֵיין, אוּנְד אֵייל, אוּנְד זֶעמֶעל־מֶעל, אוּנְד װֵייץ, אוּנְד בְּהֵמוֹת, אוּנְד שָׁאף, אוּנְד פֶערְד, אוּנְד רֵייט־װֶעגֶען, אוּנְד קְנֶעכְט, אוּנְד לֵייבֶּער פוּן מֶענְשֶׁען:

14 אוּנְד דִיא זִיסֶע־פְרוּכְט װָאס דֵיין הַארְץ הָאט גֶעגְלוּסְט הָאט זִיךְ פוּן דִיר אָפְּגֶעטְהוּן, אוּנְד אַלֶע פֵיינֶע שְׁפֵּייזֶען אוּנְד לוֹיטֶערֶע זַאכֶען, זֶענֶען פוּן דִיר פֶערְלוֹירֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דוּא װֶעסְט זֵייא קֵיינְמָאל נִיט מֶעהר גֶעפִינֶען:

15 דִיא סוֹחֲרִים פוּן דִיזֶע זַאכֶען װָאס זֶענֶען פוּן אִיהר רֵייךְ גֶעװָארֶען װֶעלֶען פוּן װֵייטֶען שְׁטֵיין װֶעגֶען דֶער פוּרְכְט פוּן אִיהר װֵייטָאג, אוּנְד װֶעלֶען װֵיינֶען אוּנְד טְרוֹיעֶרֶען:

16 אוּנְד זֵייא װֶעלֶען זָאגֶען, װֵייא, װֵייא, דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט, װָאס װַאר גֶעקְלֵיידֶעט אִין פֵיינֶע לֵיינֶעװַאנְד, אוּנְד אִין פוּרְפֶּער, אוּנְד אִין רוֹיטֶע זֵייד, אוּנְד װָאס װַאר בֶּעדֶעקְט מִיט גָאלְד אוּנְד מִיט טֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער אוּנְד מִיט פֶּערֶעל, װָארִין אִין אֵיינֶע שָׁעָה אִיז דָאס גַאנְצֶע גְרוֹיסֶע רֵייכְטוּהם װִיסְט גֶעװָארֶען:

17 אוּנְד יֶעדֶער שִׁיפֶער אוּנְד אַלֶע שִׁיפְס־לֵייט אוּנְד דִיא מַאטְרָאזֶען, אוּנְד אַלֶע װָאס אַרְבֵּייטֶען אִין דֶעם יַם זֶענֶען פוּן װֵייטֶען גֶעשְׁטַאנֶען:

18 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
דֶעם רויךְ פוּן דִיזֶען פַייעֶר, הָאבֶּען
זַייא גֶעשְׁרִיגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
וָואס פַאר אַ שְׁטָאט אִיז גְלַייךְ צוּ דֶער
גְרויסֶער שְׁטָאט ?
19 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעוָוארְפֶען
שְׁטוֹיבּ אויף זַייעֶרע קֶעפּ, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען וַויינֶענְדִיג אוּנְד
קְלָאגֶענְדִיג, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וַויא,
וַויא, דִיא גְרויסֶע שְׁטָאט, אִין וֶועלְכֶער
אַלֶע וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט שִׁיפֶען זֶענֶען
רַייךְ גֶעוָוארֶען פוּן אִיהְר הֶערְלִיכְקֵייט,
וָוארִין זִיא אִיז פֶערְוִויסְט גֶעוָוארֶען אִין
אֵיינֶע שָׁעָה :
20 פְרַייעֶט אֵייךְ אִיבֶּער אִיהְר, אִיהְר
הִימְלֶען, אוּנְד אִיהְר הֵיילִיגֶע אַפָּאסְ־
טֶעלְם (שְׁלִיחִים) אוּנְד נְבִיאִים, וָוארִין
גָאט הָאט אֵייעֶר מִשְׁפָּט אוּנְד אִיהְר
מִשְׁפָּט גֶענוּמֶען :
21 אוּנְד אַ שְׁטַארְקֶער מַלְאָךְ הָאט
אויפְגֶעהויבֶּען אַ גְרויסֶען שְׁוֶוערֶען
שְׁטֵיין וִויא אַ גְרויסֶען מִיהְלשְׁטֵיין,
אוּנְד הָאט אִיהְם אִים יַם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי וֶועט דִיא
גְרויסֶע שְׁטָאט בָּבֶל צוּוָוארְפֶען וֶוערֶען
מִיט אַ שְׁטוּרֶעם, אוּנְד וֶועט נִיט
מֶעהְר גֶעפוּנֶען וֶוערֶען :
22 אוּנְד דָאס קוֹל פוּן שְׁפִּילֶערְס
אויף פִידְלֶען אוּנְד זִינְגֶערְס, אוּנְד דִיא
וָואס פֵּייפֶען אויף פֵּייפְלֶען, אוּנְד
טְרָאמְפֵּייטֶערְס וֶועט אִין דִיר נִיט מֶעהְר
גֶעהֶערְט וֶוערֶען, אוּנְד קֵיין מֵייסְטֶער
אוּנְד קִינְסְטְלֶער, זָאל אִין דִיר מֶעהְר
נִיט גֶעפוּנֶען וֶוערֶען, אוּנְד דָאס קוֹל
פוּן אַ מִיהְלשְׁטֵיין וֶועט אִין דִיר נִיט
מֶעהְר גֶעהֶערְט וֶוערֶען :
23 אוּנְד דָאס לִיכְט פוּן אַ לָאמְפּ וֶועט
אִין דִיר נִיט מֶעהְר שַׁיינֶען, אוּנְד דָאס
קוֹל פוּן אַ חָתָן אוּנְד פוּן אַ כַּלָּה וֶועט
אִין דִיר נִיט מֶעהְר גֶעהֶערְט וֶוערֶען,
וַוייל דֵיינֶע סוֹחֲרִים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
גְרויסֶע לֵייט פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד דוּרְךְ
דֵיין כִּישׁוּף זֶענֶען אַלֶע גוֹיִם פַארְפִירְט
גֶעוָוארֶען :
24 אוּנְד אִין אִיהְר אִיז גֶעפוּנֶען גֶע־
וָוארֶען דָאס בְּלוּט פוּן דִיא נְבִיאִים
אוּנְד פוּן דִיא הֵיילִיגֶע, אוּנְד פוּן אַלֶע
וָואס זֶענֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען
אויף דֶער עֶרְד :

## קאפיטעל יט

1 אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט
אַ הויךְ קוֹל אַזוֹי וִויא פוּן אַ גְרויסֶע
גֶעמֵיינְדֶע אִין דֶעם הִימֶעל, וָואס הָאט
גֶעזָאגְט, הַלְלוּיָה ! זֶעלִיגְקֵייט, אוּנְד
עֶהְרֶע, אוּנְד לויבּ, אוּנְד מַאכְט זָאל
זַיין צוּ דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט :
2 וָוארִין זַיינֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען וָואר־
הַאפְטִיג אוּנְד גֶערֶעכְט, וָוארִין עֶר הָאט
גֶעמִשְׁפָּט דִיא גְרויסֶע הוּר (זוֹנָה),
וָואס הָאט פַארְדָארְבֶּען דִיא עֶרְד מִיט
אִיהְרֶע הוּרֶערַייא, אוּנְד עֶר הָאט
זִיךְ נוֹקֵם גֶעוֶועזֶען פַאר דֶעם בְּלוּט פוּן
זַיינֶע קְנֶעכְט :
3 אוּנְד זַייא הָאבֶּען נָאךְ אַמָאל
גֶעזָאגְט, הַלְלוּיָה ! אוּנְד אִיהְר רויךְ
גֵייט אויף פִיר אַלֶע אֵייבִּיגְקֵייטֶען :
4 אוּנְד דִיא פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג
זְקֵנִים זֶענֶען אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען אויף
זַייעֶרע אָנְגֶעזִיכְטֶער, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ גָאט וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען
אויף דֶעם שְׁטוּהְל, אוּנְד הָאבֶּען גֶע־
זָאגְט, אָמֵן, הַלְלוּיָה !
5 אוּנְד אַ קוֹל אִיז אַרויסְגֶעקוּמֶען
פוּן דֶעם שְׁטוּהְל אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,

לויבְּט אוּנְזֶער גָאט, אַלֶע זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד דִיא וָואס פָארְכְטֶען זִיךְ פַאר אִיהְם, קְלֵיין אוּנְד גְרויס׃

6 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ קוֹל וִויא אַ קוֹל פוּן אַ גְרויסֶער גֶעמֵיינְדֶע׳ אוּנְד וִויא אַ קוֹל פוּן פִילֶע וַואסֶערְן, אוּנְד וִויא אַ קוֹל פוּן שְׁטַארְקֶע דוּנֶערְן, וָואס הָאט גֶעזָאגְט הַלְלוּיָה! וָוארִין דֶער הַאר, דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט טְהוּט הֶערְשֶׁען׃

7 לָאמִיר זִיךְ פְרֵייעֶן אוּנְד פְרֵיילִיךְ זַיין, אוּנְד לָאמִיר אִיהְם גֶעבֶּען דִיא עֶהְרֶע׳ וָוארִין דִיא חַתוּנָה פוּן דֶעם לַאם אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד זַיין וַוייבּ הָאט זִיךְ פַארְטִיג גֶעמַאכְט׃

8 אוּנְד עֶס וַואר אִיהְר גֶעגֶעבֶּען אַז זִיא זָאל גֶעקְלֵיידֶעט זַיין אִין רֵיינֶע אוּנְד קְלָארֶע לֵיינְוַואנְד, וָוארִין דִיא לֵיינְוַואנְד אִיז דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דִיא הֵיילִיגֶע׃

9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, שְׁרֵייבּ, גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס זֶענֶען בֶּערוּפֶען צוּ דֶער מָאלְצֵייט פוּן דֶער חַתוּנָה פוּן דֶעם לַאם, אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דָאס זֶענֶען דִיא וָוארְהַאפְטִיגֶע רֵייד פוּן גָאט׃

10 אוּנְד אִיךְ בִּין אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען צוּ זַיינֶע פִּיס מִיךְ צוּ אִיהְם צוּ בִּיקֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט טְהוּן, אִיךְ בִּין אַ קְנֶעכְט פוּן דֶעם הַאר אַזוֹי וִויא דוּא, אוּנְד אַ גֶעזֶעלֶען צוּ דִיר אוּנְד צוּ דַיינֶע בְּרִידֶער, וָואס הָאבֶּען דָאס צֵיינֶענִיס פוּן יֵשׁוּעַ אִין זַייעֶר מוֹיל, בִּיק דִיךְ צוּ גָאט, וָוארִין דָאס צֵייגֶע־ נִיס פוּן יֵשׁוּעַ אִיז דֶער גֵייסְט פוּן דֶער נְבוּאָה׃

11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַז דֶער הִימֶעל וַואר אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּנְד נוּן דָא וַואר אַ וַוייס פֶערד, אוּנְד דֶער וָואס אִיז אוֹיף אִיהְם גֶעזֶעסֶען הָאט גֶעהֵיי־ סֶען גֶעטְרֵייא אוּנְד וָוארְהַאפְטִיג, אוּנְד מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט טְהוּט עֶר רִיכְטֶען אוּנְד הַאלְט מִלְחָמָה׃

12 אוּנְד זַיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען וִויא אַ פְלַאם פוּן פֵייעֶר, אוּנְד אוֹיף זַיין קָאפּ וַוארֶען פִילֶע קְרוֹינֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט אַ נָאמֶען גֶעשְׁרִיבֶּען, וָואס קֵיינֶער הָאט עֶס נִיט גֶעוְואוּסְט, נָאר עֶר אַלֵיין׃

13 אוּנְד עֶר וַואר גֶעקְלֵיידֶעט אִין אַ קְלֵייד אֵיינְגֶעטוּנְקֶען אִין בְּלוּט, אוּנְד זַיין נָאמֶען וַואר גֶערוּפֶען, דָאס וָוארְט פוּן גָאט׃

14 אוּנְד דִיא הֶערְשַׁאפְטֶען וָואס זֶענֶען אִין דֶעם הִימֶעל הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט אוֹיף וַוייסֶע פֶערְד, אוּנְד זַייא וַוארֶען גֶעקְלֵיידֶעט מִיט וַוייסֶע אוּנְד רֵיינֶע לֵיינְוַואנְד׃

15 אוּנְד פוּן זַיין מוֹיל אִיז אַרוֹיסְגֶעגַ־ נַאנְגֶען אַ שַׁארְפֶעס שְׁוֶוערְד, כְּדֵי עֶר זָאל דֶערְמִיט שְׁלָאגֶען דִיא גוֹיִם, אוּנְד עֶר וֶועט אִיבֶּער זֵייא הֶערְשֶׁען מִיט אֵיינֶע אֵייזֶערְנֶער רוּט, אוּנְד עֶר טְרֶעט דִיא וויין־קֶעלְטֶער פוּן דֶעם גְרִימְצָארְן פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען גָאט׃

16 אוּנְד אוֹיף זַיין קְלֵייד אוּנְד זַייגֶע זַייט וַואר גֶעשְׁרִיבֶּען דֶער נָאמֶען

**פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן דִיא קֶענִיגֶע, אוּנְד הַאר פוּן דִיא הַארֶען׃**

17 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ מַלְאָךְ שְׁטֵיין אִין דֶער זוּן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, אוּנְד הָאט

געזאגט צו אלע פייגעל וואס פליהען
ארום אין מיטען פון דעם הימעל,
קומט אונד זאמעלט אייך איין צו
דער מאלצייט פון דעם גרויסען גאט:
18 כדי איהר זאלט עסען דאס פלייש
פון קעניגע, אונד דאס פלייש פון
הויפט־לייט, אונד דאס פלייש פון די
גבורים, אונד דאס פלייש פון די
פערד אונד די וואס רייטען אויף
זייא, אונד דאס פלייש פון אלע פרייע
לייט, אונד פון קנעכט, פון קליין
אונד גרויס:
19 אונד איך האב געזעהען איינגע־
זאמעלט די חיה, אונד די מלכים
פון דער ערד אונד זייערע חילות,
זייא זאלען מלחמה האלטען מיט דעם
וואס איז געזעסען אויף דעם פערד,
אונד מיט זיינע חילות:
20 אונד די חיה איז געפאנגען
געווארען, אונד דער פאלשער נביא
מיט איהר וואס האט וואונדער געטהון
פאר איהר, מיט וועלכע ער האט
פארפירט די וואס האבען אנגענו־
מען דאס צייכען פון דער חיה, אונד
וואס האבען זיך געביקט צו זיינע
געשטאלט, אונד זייא ביידע ווארען
לעבעדיג אריין געווארפען אין א טייך
פון פייער וואס ברענט מיט שוועבעל:
21 אונד די איבעריגע זענען אומ־
געבראכט געווארען מיט דעם שווערד
וואס איז ארויס געגאנגען פון דעם
מויל פון דעם וואס איז געזעסען אויף
דעם פערד, אונד אלע פייגעל זענען
זאט געווארען פון זייער פלייש:

## קאפיטעל כ

1 אונד איך האב געזעהען א מלאך
ארופ קומען פון דעם הימעל, וואס האט
געהאט דעם שליסעל פון דעם אפ־
גרונד אונד א גרויסע קייט אין זיינע
האנד:
2 אונד ער האט אנגעהאפט די
שלאנג, די אלטע שלאנג, וואס איז
דער טייפעל אונד דער שטן, אונד
ער האט איהם געבונדען פאר טויזענד
יאהר:
3 אונד ער האט איהם אריין גע־
ווארפען אין דעם אפגרונד, אונד האט
איהם פארשלאסען, אונד ער האט
איבער איהם א זיגעל געלייגט, כדי
ער זאל ניט מעהר פארפירען די
גוים ביז עס וועט דערפילט ווערען
טויזענד יאהר, אונד דערנאך וועט ער
אויפגעבונדען ווערען אויף א קורצע
צייט:
4 אונד איך האב געזעהען שטוהלען,
אונד זייא זענען אויף זייא געזעסען,
אונד דאס משפט וואר זייא געגעבען,
אונד די גייסטער פון די וואס זענען
געטייטעט געווארען וועגען דעם צייג־
ניס פון ישוע, אונד וועגען דעם
ווארט פון גאט, אונד וואס האבען
זיך ניט געביקט צו דער חיה אונד
ניט צו איהר געשטאלט, אונד וואס
האבען ניט בעקומען דאס צייכען
אויף זייערע שטערען׳ס אונד אויף זייערע
הענד, אונד זייא האבען געלעבט,
אונד האבען געהערשט מיט משיח
טויזענד יאהר:
5 אונד די איבעריגע טויטע זענען
ניט לעבעדיג געווארען ביז דאס ענדע
פון טויזענד יאהר, דאס איז דער
ערשטער אויפשטאנד:
6 געבענשט אונד הייליג, זענען דיזע
וואס האבען א טייל אין דעם ערשטען

אויפשטאנד

אויפְשטאנְד, אִיבֶּער דִיזֶע קֶען דֶער צְווייטֶער טויט קֵיינֶע שְׁלִיטָה נִיט הָאבֶּען, נֵייעֶרְט זֵייא וֶועלֶען זֵיין כּוֹהֲנִים צוּ גָאט אוּנְד צוּ זֵיין מָשִׁיחַ, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען מִיט אִיהְם הֶערְשֶׁען טויזֶענְד יָאהְר׃

7 אוּנְד וֶוען דִיא טויזֶענְד יָאהְר וֶוערְ־לֶען זִיךְ אויסְלָאזֶען אַזוֹי וֶועט דֶער שָׂטָן פְרֵייא וֶוערֶען פוּן זֵיין גֶעפֶענְג־קֶענִיס׃

8 אוּנְד עֶר וֶועט אַרוֹיס גֵיין צוּ פַארְ־פִירֶען דִיא גוֹיִם וָואס זֶענֶען אִין דִיא פִיעֶר עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד, גוֹג וּמָגוֹג, אוּנְד זֵייא אֵיינְצוּזַאמְלֶען צוּ אַ מִלְחָמָה, וָואס זֵייעֶר צָאל אִיז וִויא דֶער זַאנְד פוּן דֶעם יַם׃

9 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אויפְגֶעגַאנְגֶען אויף דֶער בְּרֵייט פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד הָאבֶּען אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט דִיא גֶעמֵיינְדֶען פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אוּנְד דִיא גֶעלִיבְּטֶע שְׁטָאט, אוּנְד עֶס אִיז אַרוּפּ גֶעקוּמֶען אַ פֵייעֶר פוּן גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד הָאט זֵייא פַארְבְּרֶענְט׃

10 אוּנְד דֶער שָׂטָן וָואס הָאט זֵייא פַארְפִירְט וַואר אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין אַ טֵייךְ פוּן פֵייעֶר אוּנְד פוּן שְׁוֶועבֶּעל, וְואוּ דִיא חַיָּה אוּנְד דֶער פַאלְשֶׁער נָבִיא זֶענֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דָארְט גֶעפֵּיי־נִיגְט וֶוערֶען טָאג אוּנְד נַאכְט פִיר אַלֶע אֵייבִּיגְקֵייטֶען׃

11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ גְרוֹי־סֶען ווייסֶען שְׁטוּהְל, אוּנְד דֶער וָואס אִיז אויף אִיהְם גֶעזֶעסֶען, פַאר אִיהְם זֶענֶען דִיא הִימֶעל אוּנְד עֶרְד אַנְטְלָאפֶען, אוּנְד עֶס וַואר פַאר זֵייא קֵיין אָרְט נִיט גֶעפוּנֶען׃

12 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא טויטֶע, קְלֵיין אוּנְד גְרוֹיס שְׁטֵיין פַאר גָאט, אוּנְד דִיא בִּיכֶער זֶענֶען אויפְגֶע־מַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אֵיין אַנְדֶער בּוּךְ וַואר אויפְגֶעמַאכְט, אוּנְד דָאס אִיז דָאס סֵפֶר הַחַיִּים, אוּנְד דִיא טויטֶע זֶענֶען גֶעמִשְׁפָּט גֶעוָוארֶען נָאךְ דֶעם וָואס וַואר גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיא בִּיכֶער, נָאךְ זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים׃

13 אוּנְד דָאס יַם הָאט אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען זֵיינֶע טויטֶע, אוּנְד דֶער טויט אוּנְד דֶער שְׁאוֹל הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען זֵייעֶרֶע טויטֶע, אוּנְד אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ וַואר גֶעמִשְׁפָּט נָאךְ זֵיינֶע מַעֲשִׂים׃

14 אוּנְד דֶער טויט אוּנְד דֶער שְׁאוֹל זֶענֶען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם טֵייךְ פוּן פֵייעֶר, דָאס אִיז דֶער צְווייטֶער טויט׃

15 אוּנְד אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ וָואס עֶס וַואר נִיט גֶעפוּנֶען פַארְשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פוּן לֶעבֶּען וַואר אַרֵיינְגֶע־וָוארְפֶען אִין דֶעם טֵייךְ פוּן פֵייעֶר׃

## קאפיטעל כא

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ נֵייעֶם הִימֶעל אוּנְד אַ נֵייעֶ עֶרְד, וָוארִין דִיא עֶרְשְׁטֶע הִימֶלֶען אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע עֶרְד זֶענֶען פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶס וַואר נִיט מֶער קֵיין יַם׃

2 אוּנְד אִיךְ יוֹחָנָן הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא הֵיילִיגֶע שְׁטָאט, דָאס נֵייעֶ יְרוּשָׁלַיִם אַרוּפְּקוּמֶען פוּן גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד זִיא וַואר אָנְגֶעבְּרֵייט וִויא אַ כַּלָּה אִיז גֶעצִירְט פַאר אִיהְר מַאן׃

3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ גְרוֹיס קוֹל פוּן דֶעם הִימֶעל, וָואס הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, דָאס מִשְׁכָּן פוּן גָאט אִיז מִיט דִיא מֶענְשֶׁען, אוּנְד עֶר וֶועט מִיט זֵייא וְואוֹינֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין

זַיין פָאלְק, אוּנְד גָאט אַלֵיין וֶועט מִיט זֵייא זַיין, אוּנְד וֶועט זַיין זֵייעֶר גָאט׃

4 אוּנְד גָאט וֶועט אָפְּוִוישֶׁען אַלֶע טְרֶערֶען פוּן זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוּנְד עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר זַיין קֵיין טוֹיט, אוּנְד נִיט קֵיין קְלָאג, אוּנְד נִיט קֵיין גֶעשְׁרֵייא, אוּנְד עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר זַיין קֵיין טְרוֹיעֶר, וָוארִין דִיא עֶרְשְׁטֶע זַאכֶען זֶענֶען פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען׃

5 אוּנְד דֶער וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ מַאךְ אַלֶעס נֵייא, אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, שְׁרֵייבּ, וָוארִין דִיזֶע רֵייד זֶענֶען וָואהְר אוּנְד בֶּעגְלֵייבְּט׃

6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, אִיךְ בִּין דִיא א׳׳ אוּנְד דִיא ת׳׳, דֶער אָנְהֵייבּ אוּנְד דָאס עֶנְד, צוּ דֶעם וָואס אִיז דוּרְשְׁטִיג וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען פוּן דֶעם קְוַואל פוּן לֶעבֶּעדִיגֶעס וַואסֶער בְּחִנָם׃

7 דֶער וָואס אִיבֶּערְקוּמְט וֶועט אַלֶעס עֶרְבֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַיין זַיין גָאט, אוּנְד עֶר וֶועט זַיין מֵיין זוּהְן׃

8 אָבֶּער דִיא וָואס הָאבֶּען מוֹרָא אוּנְד גְלוֹיבֶּען נִיט, אוּנְד דִיא אוּמְווירְדִיגֶע, אוּנְד דִיא מֶערְדֶער, אוּנְד הוּרֶען־טְרֵייבֶּער'ס, אוּנְד צוֹיבֶּערֶערְס, אוּנְד דִיא וָואס דִינֶען אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד אַלֶע לִיגְנֶערְס, וֶועלֶען הָאבֶּען זֵייעֶר טֵייל אִין דֶעם טֵייךְ וָואס בְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר אוּנְד שְׁוֶועבֶּעל, וָואס אִיז דֶער צְוֵוייטֶער טוֹיט׃

9 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים. וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט דִיא זִיבֶּען בֶּעכֶערְס אָנְגֶעפִילְט מִיט דִיא זִיבֶּען לֶעצְטֶע פְּלָאגֶען, אִיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, קוּם אִיךְ וֶועל דִיר וֵוייזֶען דִיא כַּלָה, דָאס וַוייבּ פוּן דֶעם לַאם׃

10 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעפִירְט דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט צוּ אַ גְרוֹיסֶען אוּנְד אַ הוֹיכֶען בַּארְג, אוּנְד עֶר הָאט מִיר גֶעוִוויזֶען דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט, דָאס הֵיילִיגֶע יְרוּשָׁלַיִם, אַרוּפּקוּמֶען פוּן דֶעם הִימֶעל פוּן גָאט׃

11 אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט, אוּנְד אִיהְר לִיכְט אִיז גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ צוּ אַ זֵייעֶר טֵייעֶרֶען שְׁטֵיין, וִויא אַ יַסְפִּים שְׁטֵיין, לוֹיטֶער וִויא קְרִיסְטָאל׃

12 אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט אַ גְרוֹיסֶע אוּנְד אַ הוֹיכֶע מוֹיעֶר, אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט צְוֶועלֶעף טוֹירֶען, אוּנְד אִיבֶּער דִיא טוֹירֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְוֶועלֶעף מַלְאָכִים, אוּנְד עֶס וַואר אוֹיף זֵייא גֶעשְׁרִיבֶּען נֶעמֶען, וָואס זֶענֶען דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא צְוֶועלֶעף שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל׃

13 פוּן מִזְרַח־זַייט דְרֵייא טוֹירֶען, אוּנְד פוּן צָפוֹן־זַייט דְרֵייא טוֹירֶען, אוּנְד פוּן דָרוֹם־זַייט דְרֵייא טוֹירֶען, אוּנְד פוּן מַעֲרָב־זַייט דְרֵייא טוֹירֶען׃

14 אוּנְד דִיא מוֹיעֶר פוּן דֶער שְׁטָאט הָאט גֶעהַאט צְוֶועלֶעף גְרוּנְדֶען, אוּנְד אִין זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא צְוֶועלֶעף אַפָּאסְטֶעלְס פוּן דֶעם לַאם׃

15 אוּנְד דֶער וָואס הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט הָאט גֶעהַאט אַ גָאלְדֶענֶעם שְׁטֶעקֶען, אַז עֶר זָאל מֶעסְטֶען דִיא שְׁטָאט אוּנְד אִיהְרֶע טוֹירֶען אוּנְד אִיהְרֶע מוֹיעֶר׃

16 אוּנְד דִיא שְׁטָאט אִיז פִּיעֶר־עֶקֶעדִיג אוּנְד אִיהְרֶע לֶענְג אִיז וִויא אִיהְרֶע בְּרֵייט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען מִיט דֶעם שְׁטֶעקֶען צְוֶועלֶעף טוֹיזֶענְד אַקֶער, אִיהְרֶע לֶענְג אוּנְד אִיהְרֶע בְּרֵייט אוּנְד אִיהְרֶע הוֹיךְ זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ׃

17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען אִיהְרֶע מוֹיעֶר אוֹיף הוּנְדֶערְט אוּנְד פִיעֶר אוּנְד פֶערְצִיג אֵיילֶען וִויא דָאס מָאס פוּן אַ מֶענְשׁ, וָואס דָאס אִיז דָאס מָאס פוּן דֶעם מַלְאָךְ׃

18 אוּנְד דָאס גֶעבּוֹיא פוּן דֶער מוֹיעֶר פוּן דֶער שְׁטָאט וַואר פוּן יַאסְפִּיס שְׁטֵיין, אוּנְד דִיא שְׁטָאט וַואר פוּן רֵיינֶעם גָאלְד, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא קְלָאר גְלָאז׃

19 אוּנְד דִיא גְרוּנְדֶען פוּן דֶער מוֹיעֶר פוּן דֶער שְׁטָאט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גֶעצִירְט מִיט אַלֶערְלֵייא טֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער, דֶער עֶרְשְׁטֶער גְרוּנְד וַואר אַ יַאסְפִּיס־שְׁטֵיין, דֶער צְווֵייטֶער אַ סַאפִּיר, אוּנְד דֶער דְרִיטֶער אַ כַאלְצִידוֹן, אוּנְד דֶער פִירְטֶער אַ סְמַארַגְאד׃

20 אוּנְד דֶער פִינְפְטֶער אֵיין אוֹינִיקֶע, אוּנְד דֶער זֶעקְסְטֶער אַ רוּבִּין, אוּנְד דֶער זִיבֶּעטֶער אַ יַאכְצוּנְג, אוּנְד דֶער אַכְטֶער אַ בֶּערֶעל־מוּטֶער, אוּנְד דֶער נֵיינְטֶער אַ טָאפַּאז, אוּנְד דֶער צֶעהְנְטֶער אַ פְּרַיזַאנְט, אוּנְד דֶער עֶלֶעפְטֶער אַ טוּרְקַאס, אוּנְד דֶער צְוֶועלֶעפְטֶער אַ קְרִיסְטָאל׃

21 אוּנְד דִיא צְוֶועלֶעף טוֹירֶען וַוארֶען צְוֶועלֶעף פֶּערֶעל, אִיטְלִיכֶעס טוֹיעֶר הָאט גֶעהַאט בֶּעזוּנְדֶער אַ פֶּערֶעל, אוּנְד דִיא גַאס פוּן דֶער שְׁטָאט וַואר פוּן רֵיינֶעם גָאלְד, וִויא שֵׁיינֶענְדִיגֶעס גְלָאז׃

22 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דָארְטֶען נִיט גֶעזֶעהֶען קֵיין טֶעמְפֶּעל, וָוארִין יְהֹוָה, דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט, אוּנְד דָאס לַאם, אִיז אִיהְר טֶעמְפֶּעל׃

23 אוּנְד דִיא שְׁטָאט הָאט נִיט בֶּעדַארְפְט אַז דִיא זוּן אוּנְד דִיא לְבָנָה זָאל אִין אִיהְר שֵׁיינֶען, וָוארִין דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט הָאט זִיא בֶּעלֵייכְטֶעט, אוּנְד דָאס לַאם אִיז אִיהְר לִיכְט׃

24 אוּנְד דִיא גוֹיִם וָואס זֶענֶען זֶעלִיג גֶעוָוארֶען וֶועלֶען אַרוּם גֵיין בֵּייא אִיהְר לִיכְט, אוּנְד קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד וֶועלֶען צוּ אִיהְר בְּרֶענְגֶען זֵיירֶע עֶהְרֶע אוּנְד זֵיירֶע הֶערְלִיכְקֵייט׃

25 אוּנְד אִיהְרֶע טוֹירֶען וֶועלֶען נִיט פֶערְשְׁלָאסֶען זַיין בֵּייא טָאג, וָוארִין עֶס וֶועט דָארְטֶען קֵיינֶע נַאכְט נִיט זַיין׃

26 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען צוּ אִיהְר בְּרֶענְגֶען דִיא עֶהְרֶע אוּנְד דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דִיא גוֹיִם׃

27 אוּנְד עֶס וֶועט אִין אִיהְר נִיט אַרֵיינְקוּמֶען קֵיינֶע אוּמְרֵיינֶע זַאכֶען, אוּנְד נִיט דֶער וָואס טְהוּט אוּמְווִירְדִיקֵייטֶען אוּנְד וָואס זָאגְט לִיגֶען, נֵייעֶרְט דִיא וָואס זֶענֶען פֶערְשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פוּן לֶעבֶּען פוּן דֶעם לַאם׃

## קאפיטעל כב

1 אוּנְד עֶר הָאט מִיר גֶעוִויזֶען אַ רֵיינֶעם טֵייךְ פוּן לֶעבֶּעדִיגֶעס וַואסֶער, לוֹיטֶער וִויא קְרִיסְטָאל, וָואס אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם שְׁטוּהְל פוּן גָאט אוּנְד פוּן דֶעם לַאם׃

2 אוּנְד אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶער גַאס, אוּנְד אָן בֵּיידֶע זֵייטֶען פוּן דֶעם טֵייךְ, אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער בּוֹים פוּן לֶעבֶּען, וָואס הָאט גֶעטְרָאגֶען צְוֶועלְפֶערְלֵייא פֵּירוֹת, אוּנְד הָאט גֶעגֶעבֶּען

זֵיינֶע פֵּירוֹת אַלֶע חוֹדֶשׁ, אוּנְד דִיא בְּלֶעטֶער פוּן דֶעם בּוֹים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פַאר אַ רְפוּאָה צוּ דִיא גוֹיִם׃

3 אוּנְד עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר זַיין קֵיין פְלוּךְ, נֵייעֶרְט עֶס וֶועט דְרִינֶען זַיין דֶער שְׁטוּהְל פוּן גָאט אוּנְד פוּן דֶעם לַאם, אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט וֶועלֶען אִיהְם בֶּעדִינֶען׃

4 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֶעהֶען זַיין פָּנִים, אוּנְד זַיין נָאמֶען וֶועט זַיין אוֹיף זֵייעֶרֶע שְׁטֶערְעֶנְ'ס׃

5 אוּנְד עֶס וֶועט דָארְטֶען קֵיינֶע נַאכְט נִיט זַיין, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען נִיט בֶּעדַארְפֶען קֵיין לִיכְט אוּנְד נִיט דָאס לִיכְט פוּן דֶער זוּן, וָוארִין דֶער הַאר גָאט וֶועט זֵייא לֵייכְטֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען רֶעגִירֶען פִיר אַלֶע אֵייבִּיגְקֵייטֶען׃

6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דִיזֶע רֵייד זֶענֶען בֶּעגְלֵייבְּט אוּנְד וָואהְר, אוּנְד דֶער הַאר גָאט פוּן דִיא הֵיילִיגֶע נְבִיאִים הָאט גֶעשִׁיקְט זַיין מַלְאָךְ אַז עֶר זָאל וֵוייזֶען צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט דָאס וָואס מוּז בַּאלְד גֶעשֶׁעהֶען׃

7 זֶעהְט, אִיךְ קוּם בַּאלְד, וְואוֹיל אִיז דֶעם וָואס הִיט דִיא נְבוּאָה פוּן דֶעם בּוּךְ׃

8 אוּנְד אִיךְ יוֹחָנָן הָאבּ דָאס אַלֶעס גֶעזֶעהֶען אוּנְד גֶעהֶערְט, אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ דָאס גֶעהֶערְט אוּנְד גֶעזֶעהֶען, בִּין אִיךְ אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען צוּ בֶּעטֶען פַאר דִיא פִּיס פוּן דֶעם מַלְאָךְ וָואס הָאט מִיר דָאס אַלֶעס גֶעוִויזֶען׃

9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט טְהוּן, וָוארִין אִיךְ בִּין אַ קְנֶעכְט פוּן דֶעם הַאר אַזוֹי וִויא דוּא, אוּנְד אַ גֶעזֶעלֶען צוּ דִיר, אוּנְד צוּ דֵיינֶע בְּרִידֶער דִיא נְבִיאִים, אוּנְד צוּ דִיא וָואס הִיטֶען וָואס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיזֶען בּוּךְ, בֶּעט צוּ גָאט׃

10 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, פַארְזִיגֶעל נִיט דִיא רֵייד פוּן דֶער נְבוּאָה פוּן דִיזֶען בּוּךְ, וָוארִין דִיא צֵייט אִיז נָאהֶנְט׃

11 דֶער וָואס הָאט אוּמְרֶעכְט גֶעטְהוּן, לָאז עֶר וֵוייטֶער אוּמְרֶעכְט טְהוּן, אוּנְד דֶער וָואס אִיז אוּמְרֵיין, לָאז עֶר וֵוייטֶער זַיין אוּמְרֵיין, אוּנְד דֶער וָואס אִיז הֵיילִיג לָאז עֶר וֵוייטֶער זַיין הֵיילִיג׃

12 אוּנְד זֶעהְט אִיךְ קוּם בַּאלְד, אוּנְד מֵיין לוֹין אִיז מִיט מִיר, צוּ בֶּעצָאלֶען צוּ אִיטְלִיכֶען נָאךְ זֵיינֶע מַעֲשִׂים נָאךְ׃

13 אִיךְ בִּין דִיא „א" אוּנְד דִיא „ת", דֶער אָנְהֵייבּ אוּנְד דָאס עֶנְד, דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּנְד דֶער לֶעצְטֶער׃

14 וְואוֹיל אִיז צוּ דִיא וָואס הַאלְטֶען זֵיינֶע מִצְוֹת, אַז זֵייא זָאלֶען הָאבֶּען מַאכְט צוּ דֶעם בּוֹים פוּן לֶעבֶּען, אוּנְד אַז זֵייא זָאלֶען אַרֵיינְקוּמֶען אִין דִיא שְׁטָאט דוּרְךְ דִיא טוֹירֶען׃

15 אָבֶּער דְרוֹיסֶען פוּן דֶער שְׁטָאט זֶענֶען דִיא הִינְט, אוּנְד צוֹיבֶּערֶערְס, אוּנְד הוּרֶענְטְרֵייבֶּערְס, אוּנְד מֶערְדֶער, אוּנְד וָואס דִינֶען אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס לִיבְּט אוּנְד טְהוּט פַאלְשְׁהֵייט׃

16 אִיךְ יֵשׁוּעַ הָאבּ גֶעשִׁיקְט מֵיין מַלְאָךְ, אַז עֶר זָאל אֵייךְ דִיזֶע זַאכֶען בֶּעצֵייגֶען אִין דִיא גֶעמֵיינְדֶען, אִיךְ בִּין דִיא וְואוּרְצֶעל אוּנְד דָאס גֶעשְׁלֶעכְט פוּן דָוִד, דֶער שֵׁיינֶענְדִיגֶער מָארְגֶענְ־שְׁטֶערְן׃

17 אוּנְד דֶער גֵייסְט אוּנְד דִיא כַּלָּה זָאגֶען קוּם, אוּנְד דֶער וָואס הֶערְט

לָאז

לָאז עֶר זָאגֶען קוּם, אוּנְד דֶער וַואס
אִיז דָארְשְׁטִיג לָאז עֶר קוּמֶען, אוּנְד
דֶער וָואס וִויל זָאל נֶעמֶען דָאס וַואסֶער
פוּן דֶעם לֶעבֶּען בְּחִנָּם:
18 וָוארִין אִיךְ בֶּעצֵייג צוּ אִיטְלִיכֶען וָואס
הֶערְט דִיא רֵייד פוּן דֶער נְבוּאָה פוּן
דִיזֶען בּוּךְ, אַז אוֹיב אֵיינֶער וֶועט דַאצוּ
צוּ זֶעצֶען, אַזוֹי וֶועט גָאט אִיהְם צוּ
זֶעצֶען דִיא פְּלָאגֶען וָואס זֶענֶען גֶע־
שְׁרִיבֶּען אִין דִיזֶען בּוּךְ:
19 אוּנְד וֶוען אֵיינֶער וֶועט אַוֶועקְנֶע־
מֶען פוּן דִיא רֵייד פוּן דֶעם בּוּךְ פוּן
דִיזֶער נְבוּאָה, אַזוֹי וֶועט גָאט אַוֶועקְ־
נֶעמֶען זֵיין טֵייל פוּן דֶעם בּוּךְ פוּן
דֶעם לֶעבֶּען, אוּנְד פוּן דֶער הֵיילִיגֶער
שְׁטָאט, אוּנְד פוּן דֶעם וָואס אִיז
גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיזֶען בּוּךְ:
20 דֶער וָואס בֶּעצֵייגְט דִיזֶע זַאכֶען
זָאגְט יוֹא, אִיךְ קוּם בַּאלְד, אָמֵן, אַזוֹי
קוּם הַאר יֵשׁוּעַ:
21 דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶער הַאר
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זַייא מִיט אֵייךְ אַלֶע
אָמֵן:

# ענדע פון דעם נייען טעסטאמענט.

**אשרי הקורא ואשרי השמעים את דברי הנבואה ושמרים את הכתוב בה כי קרובה האת:**